THE FRIEND




דער פריינד

Vol. X — JANUARY, 1919 — No. 1

# פון מאנאט צו מאנאט

**צום נייעם יאהר**

מיר באגלייטען דעם אַט נאָר וואָס פאַרגאַנגענעם יאָהר צו זיין אייביגער רוה מיט צומישטע געפיהלען און מיט אַ אונרוהיגען געמיטה. פרייד און שרעק, האָפנונג און יאוש, ליכט און שאָטען מישען זיך אויס אין איין מאָדנעם אונפאַרשטענדליכען געפיהל. מלחמה און שלום, רעוואָלוציאָן און פּאָגראָמען, סאָציאַלע רעוואָלוציאָנען און פינסטערע רעאקציעס הויפען זיך איינע אויף די אַנדערע, מישען זיך אריין איינע אין די אנדערע און פאָרמירען אַ רעטזעלהאַפטען פראגע־צייכען.

מיט העלע האָפנונגספולע געפיהלען, אָבער, און מיט אַ געהויבענער שטימונג באַגעגענען מיר דעם אריינקומענדען נייעם יאָהר. פריעדען זאָל אין איהם געשלאָסען ווערען. אַ פריעדען, וועלכער זאָל נישט פיהרען צו קיין נייע מלחמות. סאָציאַלע רעפּובליקען דארפען אין איהם עטאַבלירט ווערען און נאָרמאַל אוועקגעשטעלט ווערען. רעפּובליקען, נישט נאָר אין זייער פּאָליטישער פאָרמע, נאָר אויך אין זייער אינדוסטריעלען וועזען. נייע אונטערדריקטע נאציאָנען דארפען אויפגעריכט און עטאַבלירט ווערען אויף נייע מאָדערנע יסודות, צווישען זיי אויך די אידישע נאַציאָן, אין די אַלע ערטער, וואו זי איז גענוג לעבענספעהיג און באוואוסטזיניג אין איהר סוביעקטיווען איך.

נייע באגריפען וועגען פרייהייט און גלייכהייט דארפען אין איהם אָנגענומען ווערען.

פיעלע הבטחות, אונטערגעשריבענע און פאַרשפּראָכענע, דארפען אין איהם ערפילט ווערען.

אונזערע ברידער און קינדער דארפען צו אונז אין איהם אומגעקעהרט ווערען.

טו זאָלען מיר איהם באגעגענען מיט אַ פרייערען געמיטה, מיט בליהענדע האָפנונגען און קאָלירפולע ערוואַרטונגען.

זיי געגריסט, דו נייער יאָהר!

* * *

**אונזער אנטייל אין דער פיפעלס רעליעף**

ווי מיר האָבען עס געמעגט ערוואַרטען, האָבען אונזערע ברענטשעס איבער'ן גאַנצען לאַנד אדורכגעפיהרט אין עטליכע געצעהלטע טעג אַ שטיקעל ארבייט, וואָס דאַרף ווירקליך באוואונדערט ווערען.

אונזער גענעראַל־עקזעקוטיווע האָט פאַרשפּראָכען אין נאָמען פון אַלע ברענטשעס צו שאַפען פאַר די מלחמה־ליידענדע פינף און צוואַנציג טויזענד דאָלאַר. אָבער ווי עס ווייזט זיך ארויס, וועט די געשאַפענע סומע זיין אַ פיעל גרעסערע. אונזערע מיטגליעדער שאַצען אָפּ גענוי די לאַגע. זיי פאַרשטעהען, אַז וואָס ווייטער ווערט דער צושטאַנד אונערטרעגליכער, דער הונגער, שווערער, די איבערגאַנגס־צייטען אַלע פיינליכער און שרעקליכער פאַר אונזערע ברידער אין מזרח און צענטראַל אייראָפּא. דערצו האָבען זיך נאָך די בלוטיגע פּאָגראָמען ווי שווערע דונערען אַ קייקעל געטון איבער אונזערע קעפּ און אַלע ווי איינער זיינען גרייט צו ברענגען גרויסע קרבנות, שווערע קרבנות.

אויף וויפיעל מיר האָבען נאָר דערוויילע ידיעות פון געצעהלטע ברענטשעס, זיינען עס אַזעלכע, וואָס פילען אָן אונזערע הערצער מיט אַ פאַרדיענטען שטאָלץ. נעמען מיר למשל בר. 417, פאַרהעלטניסמעסיג אַ קליינער ברענטש, האָט גלייך ביי דעם מיטינג געגעבען פופציג דאָלאַר און צוגעזאָגט צו געבען נאָך הונדערט. דערביי האָט דער סעקרעטער צוגעזאָגט צו געבען 10 פּראָצענט פון דער גאַנצער סומע. בר. 237 האָט אויפ'ן מיטינג, וואו עס זיינען נאָר אנוועזענד געוועזן 20 מענשען, געמאַכט פינף און זיבעציג דאָלאַר און צוגעזאָגט צו געבען נאָך. בר. 581 האָט גלייך אויפ'ן מיטינג געשאַפט הונדערט דאָלאַר, און ערוואַרטען פון די איבעריגע מיטגליעדער נאָך מעהר; בר. 75 האָט גלייך ביים מיטינג געגעבען דריי הונדערט דאָלאַר; בר. 99 — פיער הונדערט דאָלאַר; בר. 367 — פינף הונדערט דאָלאַר! פון אַנדערע ברענטשעס קומען אָן נאַכריכטען פון נאָך אַזעלכע נאָבעלע טאַטען. עס איז אָבער וויכטיג זיך צוצואיילען. אונזער הילף מוז קומען אין צייט, אַז נישט איז די גאַנצע ארבייט ארויסגעוואָרפען. זי מוז קומען אונאויפהערליך. ביז וואַנען די לעצטע שפּורען פון דער שרעקליכער וועלט־מלחמה וועלען נישט אָפּגעווישט ווערען פון די האלב־חרוב'ע לענדער.

* * *

**דער אידישער קאָנגרעס**

נישט אַלע ערוואַרטונגען, וואָס פיעל האָבען אויף איהם געלעגט, זיינען ערפילט געוואָרען. צייטענווייז האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דאָס איז גאָרנישט קיין אידישער קאָנגרעס, וואו עס זיינען פאַרטראָטען אַלע קלאַסען און אידעאָלאָגיען ביי אידען, נאָר אַ ציוניסטישער. קיין צופיעל דעמאָקראַטיע האָט זיך דאָרט נישט געוואַלגערט. דערפאַר אָבער האָט עס געהויכט מיט דיפּלאָמאַטיע אויף טריט און שריט, אָפענע און געהיימע.

אונזער קליינינקע ארבייטער־גרופּע האָט זיך נישט גאַנץ היימיש געפיהלט און נישט איינמאָל האָבען זיי זיך ארומגעקוקט, וואו זיינען זיי דאָ אין ערגעץ אויף דער וועלט. דער רבנישער עלעמענט האָט זיך אַזוי פיעל געוואָרפען אין די אויגען און אָפּטמאָל זיך אַזוי קנאיש־אינקוויזיטאָריש ארויסגעצייגט, אַז עס האָט אויסגעזעהן, ווי דער חרם און „נדוי“ זיינען צוריק אויפגעשטאַנען פון זייערע קברים...

אָבער נאָך די אַלע זאַכען האָט דער קאָנגרעס געהאַט זיין באַרעכטיגונג. **עס איז דאָ נישט געגאַנגען וועגען מעסטען און**

וועגען די געזעלשאפטליכע כחות ביי אידען גופא. עס האט זיך גענויטיגט אן איינהייטליכע דעקלאראציע וועגען די ציווילע, נאציאנאלע, פאליטישע און רעליגיעזע רעכטע פון די אידען אין די אייראפעאישע לענדער, ווי אויך אין פאלעסטינא. אויף אזויפיעל האט ער ערררייכט זיין ציעל, אויף אזויפיעל האט ער ערפילט די האפנונגען, וואס מ'האט אויף איהם ארויפגעלעגט. און אויב מיר ארבייטער־ארגאניזאציאנען האבען זיך קנאפ־וואס דארטען געפיהלט און נאך ווייניגער זיך אנגעזעהן, וועלען מיר עס אפמאכען שוין ביי זיך, אויף דעם אייגענעם ארבייטער־קאנגרעס, וואו מ'וועט נאר דארפען איינצאהלען פינף דאלאר פאר יעדען דעלעגאט (און נישט הונדערט און פופציג דאלאר, ווי אויפ'ן פילאדעלפיער קאנגרעס) און וואו עס וועט איבערהויפט זיין א שעהן ביסעלע ווייניגער דיפלאמאטיע און א שעהן ביסעלע מעהרער דעמאקראטיע.

* * *

**דער אידישער ארבייטער־קאנגרעס** אויב די אידישע ארבייטער זיינען נישט געוועזן ווי געהעריג פארטראטען צו דעם אידישען קאנגרעס אין פילאדעלפיא, צוליעב א גאנצע רייהע אורזאכען, וועלען זיי דערפאר האבען זייער איינענעם קאנגרעס אין ניו יארק.

עס איז שוין פון לאנג צייט געוועזן, אז אזא קאנגרעס פון אידישע ארבייטער זאל פארקומען, אבער קיינמאל איז זיין נויטיגקייט נישט געוועזן אזוי דרינגענד. שוין צוליעב די אינטערעסען פון די אידישע ארבייטער אין אונזער לאנד אליין האט זיך לאנג געפאדערט אן אויטאריטאטיווער ארגאן, ווי א קאנגרעס, צו לעזען פראגען פון אלגעמיינער וויכטיגקייט פאר די אידישע ארבייטער אין אמעריקא.

צוליעב די אינטערעסען, אבער, פון די ברייטע אידישע פאלקסמאסען אין די אייראפעאישע לענדער און אין פאלעסטינא, צוליעב זייערע ציווילע, פאליטישע, רעליגיעזע און נאציאנאלע רעכטע, איז אויסערגעוועהנליך וויכטיג, אז א אידישער ארבייטער־קאנגרעס זאל גלייך אויפהויבען זיין שטימע. די שטאאטען אין אייראפא, וואו די גרויסע מאסען אידען געפינען זיך, זיינען ארונטערגעגאנגען אדער האלטען ביי ארונטערגעהן אונטער אן ארבייטער־הערשאפט. אויב די ארבייטער־רעגיערונגען וועלען האבען גענוג אורזאכען צו געבען אידען אלע אויבענדערמאנטע רעכטע, נאציאנאלע אריינגערעכענט, וועט איינע פון די אורזאכען זיין, וואס די אידישע ארבייטער פאדערען עס.

אויפ'ן טאגעס־ארדנונג וועלען נאך שטעהן אנדערע וויכטיגע פראגען, צווישען זיי אויך די פאלעסטינא פראגע, וואס ווערט ארויפגעשטעלט דורך דער מעהרהייט פון דער עקזעקוטיווע פון דער נאציאנאלער ארבייטער־קאמיטע.

מיר פארשפארען צו זאגען, אז מיר וועלען איהם נאכפאלגען מיט דעם גרעסטען אינטערעס. מיר ערווארטען, אז דער 10טען יאנואר וועט ווערען א וויכטיגע היסטארישע דאטע אין דער געשיכטע פון דער אידישער ארבייטער־באוועגונג.

* * *

**די טיר פון מוני'ס תפיסה** א גרויסען חסד האט דער גאווערנאר פון קאליפארניא געטון מיט'ן ארבייטער־מארטירער פארבייטענדיג דעם טוידט־אורטייל אויף לעבענסלענגליכע געפענגעניש. ער וועט נאך מסתמא אויף דעם סמך מאכען חנ'דלאך צו די ארבייטער אין די קומענדיגע וואהלען און וועט זיי דערמאנען זיין גרויסע, [ב]רייטע הארץ, וואס ער האט געראטעוועט מוני'ן פון טוידט.

וועלען אמוועניגסטענס די ארבייטער פון קאליפארניא דאן געדענקען, ווי אזוי און אונטער וועלכע אומשטענדען דער גוטער גאווערנאר האט עס אראפגענומען די פעטליע פון מוני'ס האלז?

נאך צעהנדליגער וואכען פון פראטעסטען, אין אונזער לאנד און אין אויסלאנד, נאך דעם איינשטעלען זיך פון די בעסטע זיהן און טעכטער פון דעם לאנד, פרעזידענט ווילסאן אריינגערעכענט, נאך דעם ווי א גענעראל־סטרייק איז געהאנגען אין דער לופטען און געסטראשעט זיך אראפצולאזען פון דעם אטלאנטיק ביז'ן פאסיפיק — האט דאס אונזער קאליפארניער גאווערנאר געטון די גרויסע טובה...

די ארגאניזירטע ארבייטער, אבער, פון גאנצען לאנד, מוני אליין אויך אריינגערעכענט, שליידערען צוריק מיט פאראכטונג אזא מין בורבאנען־גרויסמוט. זיי בעטען איבערהויפט ניט קיין חסד פון דעם האר, זיי פאדערען א נייעם משפט, וואו זיי וועלען קענען דערווייזען, אז מוני איז אומשולדיג, וואו זיי וועלען קענען פאנאנדערפלאנטערען דעם נעץ פון שפיאנאזש, מסירה און ליגענס און ווייזען פאר דער וועלט די שאנדע פון דער קאפיטאליסטישער גערעכטיגקייט אין קאליפארניא.

דיזעלבע ארבייטער־כחות, איבער'ן גאנצען לאנד און איבער דער גאנצער וועלט, וואס האבען שוין אויפגעמאכט נישט איין תפיסה, וואו עס האבען געשמאכט ארבייטער־מארטירער — וועלען נישט רוהען און נישט ראסטען ביז מוני וועט קענען ארומשפאציערען אונטער'ן פרייען הימעל, ווי א פרייער מענש.

און אויף וויפיעל עס וועגדט זיך אן די א. ר. ברענטשעס, קענען מיר מיט א לייכטען הארצען זאגען, אז זיי האלטען א וואכזאמע אויג אויף דער טיר פון מונים תפיסה, און ביז זי וועט זיך נישט עפענען אויף שטענדיג וועלען זיי נישט אויפגעבען זייערע אנשטרענגונגען. אויב די אפיציעלע גערעכטיגקייט וועט נישט וועלען עפענען מוני'ס טיר, וועט עס מוזען טון די ארבייטער־גערעכטיגקייט.

* * *

**פיער און פערציג שטונדען** דעם ביטערען קאמף, וואס עס האבען אנגעהויבען די ניו־יארקער שניידער פאר די פיער און פערציג שטונדען ארבייט א וואך, האבען אויפגענומען די איבעריגע אידישע טריידס, ווי די פאריערס, די דזשולערי ארבייטער, די ליידיס וועיסט מייקערס, און עס וועט וואהרשיינליך זיך פונאנדערפלאקערען אויף דער גאנצער ליניע. אייגענטליך איז עס דאך אין אנדערע ווערטער דער אכט־שעה'דיגער ארבייטסטאג, וועלכער איז נאך מיט א קורצער צייט צוריק נאר געווען א דעמאנסטראטיווער רוף, אן אידעאל פון דער צוקונפט. יעצט איז עס געווארען די פאדערונג פון טאג. אין אנדערע מעהר ארגאניזירטע און אינדוסטריאליזירטע טריידס, ווי די מעכאניקער, בוי־ארבייטער, עלעקטריק ארבייטער און דרוק ארבייטער, פאדערט מען שוין א זיבען־שעה'דיגען און אפילו א זעקס־שעה'דיגען ארבייטסטאג.

פאר דער צייט פון דער מלחמה, ווען ארבייטס־הענט זיינען געוועזן ווייניג און די ארבייט האט געדארפט אויסגעפארטיגט ווערען אזוי שנעל ווי מעגליך, האבען זיך די ארבייטער איינגעארבייט און זיך צוגעוואוינט צו א שטארקערען אימפעט און אינטענסיוויטעט. א פיבערישע פלייסיגקייט האט זיך ענטוויקעלט ביי די „האריאפ" אומשטענדען, און אום כדי נישט צו

ווערען נאָך מעהר עקספּלואַטירט, ווי ער ווערט שוין ביז אַהער אויסגעזויגען, מוז דער אַרבייטער אַמוועניגסטען זיך דערשלאָגען צו אַ קירצערען אַרבייטסטאָג, אין וועלכען זיין ענערגיע זאָל נישט אַזוי. פיעל אויסגעשעפּט ווערען.

נאַטירליך זיינען יעצט פאַראַן נאָך אורזאַכען, וועלכע מאַכען דעם קורצען אַרבייטסטאָג דרינגענד וויכטיג פון דעם שטאַנדפּונקט פון „אָרדנונג און זיכערהייט". מיליאָנען הענט וועלען פון איין זייט זיך אומקעהרען פון די מלחמה־פּלעצער און וועלען זוכען באַשעפטיגונג. פון דער צווייטער זייט וועלען דאָסזעלבע טון מיליאָנען הענט, וואָס וועלען אָפּגעזאָגט ווערען אין די אַמוניציאָנס־פאַבריקען. סיידען דער אַרבייטסטאָג וועט באַדייטענד פאַרקירצט ווערען, און פון דער צווייטער זייט וועט די רעגיערונג אונטערנעמען פאַרשיעדענע נייע געזעלשאַפטליכע איינריכטונגען, וואָס פאָדערען פיעל אַרבייטער — איז צו ערוואַרטען, אַז עס וועט זיך נישט אויפהויבען קיין רעוואָלוציאָנערע אַרבייטער־כוואַליע איבער'ן לאַנד.

עס איז שטענדיג אַ כלל, אַז ווייטגעהענדע רעפאָרמען אָדער פראָסט רעוואָלוציאָנען (מעגען זיין פריעדליכע) קענען נור דאַן לייכט דורכגעפיהרט ווערען, ווען אַ ברייטע געזעלשאַפטליכע מיינונג שטעהט אונטער זיי.

די יעצטיגע אומשטענדען זיינען זעהר גינסטיג, אויב נישט פאַר קעמפע פאַר העכערע „וויידזשעס", אַמוועניגסטענס פאַר אַ קירצערען אַרבייטסטאָג, ווייל נראַדע יעצט איז אין דעם פאַראינטערעסירט די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט אַלס גאַנצע.

פון אונזער שטאַנדפּונקט דאַרף מען שטענדיג כסדר שטרעבען צו וואָס נור אַ קירצערען אַרבייטסטאָג, דערפאַר ווייל ביי אונז איז די אַרבייט נור אַ מיטעל אויף צו לעבען. אַן אַרבייטער אין אַ מאָדערנער אינדוסטריעלער אונטערנעהמונג פאַרדיענט גענוג .פאַר אַ לעבען פון אַ העכערען סטאַנדאַרד אַרבייטענדיג נאָר פיער אָדער פינף שעה אַ טאָג. דאָס איבעריגע אַרבייט ער פאַר דעם עקספּלואַטאַטאָרישען קלאַס פון דער געזעלשאַפט.

אַ קורצער אַרבייטסטאָג איז אַ גאַראַנטיע פאַר געזונד, פאַר ערהאָלונג, פאַר צייט צו לעזען, צו דענקען און לערנען, פאַר צייט צו געניסען פון לעבען.

דער אַרבייטער רינג וועט געוויס נישט זיין קיין גלייכגילטיגער צושויער אין דעם קאַמף. ער וועט זיך געוויס אין איהם אַריינוואַרפען מיט זיין גאַנצער קראַפט, ווען די יוניאָנס וועלען נור פאָדערען זיין הילפע.

דערווייל שטעהט דער העלדישער סטרייק פון די „אַמאַלגאַמייטעד" שניידער אַרבייטער אין אַ גלענצענדען צושטאַנד. זייער זיעג וועט געוויס עפענען דעם וועג צו די איבעריגע טריידס פאַר אַ נאָרמאַלערען, מענשליכערען אַרבייטסטאָג.

* * *

**אַ גוטער אָנהויב**

צוליעב דעם שלום־פיבער און דער אינפלוענציע מגפה האָט זיך אונזער מיטגליעדער־קאַמפּיין אַ ביסעל פאַרשפּעטיגט. דערפאַר הויבט ער זיך יעצט אָן מיט אַזאַ אימפּעט, אַז עס זעהט אויס אַלע פריהערדיגע רעקאָרדען וועלען צושמעטערט ווערען. די ערשטע ידיעות וואָס זיינען אַריינגעקומען פון די ניו־יאָרקער ברענטשעס ערשטוינען אונז איינפאַך. אויב אַלע ברענטשעס זאָלען למשל אָנהאַלטען אַזעלכע רעקאָרדס, ווי עס האָט געמאַכט בר. 99, וועלען מיר פאַרשפּאָרען צו וועקען אונזערע מיטגליעדער זיי זאָלען מאַכען זייער קוואָטע. אָט דער מינסקער ברענטש האָט זיך פאַרגונען אַריינצונעמען אויף איינעם פון זיינע לעצטע מיטינגען פופציג נייע מיטגליעדער. אָבער נעמט, למשל, בר. 386 נעמט אַריין פאַר די לעצטע 4 מיטינגען 10־12 נייע מיטגליעדער אויף יעדען מיטינג, אָדער בר. 42, וואָס האָט אַריינגענומען פאַר נאָוועמבער מאָנאַט אַרום 25 מיטגליעדער.

וועלען די קאַונטרי־ברענטשעס אָפּשטעהן פון דעם אימפּעטיגען פאָרווערטס־מאַרש? וועלען זיי נישט קענען אָנהאַלטען טאַקט נאָך טאַקט מיט זייערע שוועסטער־אָרגאַניזאַציאָנען אין דער ריעזען־שטאָדט? וועלען זיי נישט קענען ממשות'דיג דערווייזען, אַז זיי האָבען אויך גענוג באַוועגליכע גייסטער, וואָס קענען טון אויך מעשים, נישט נאָר שיסען מיט ווערטער?

מיר ווייסען, מיר זיינען זיכער, אַז די קאַונטרי גרייט צו פאַר אונז, ווי אימער, גרויסע, ערפרעהענדע איבערראַשונגען.

* * *

**אַ יאָהר אַ. ר. אַרבייט**

אין אַ צווייטען אָרט אין דעם נומער וועט דער לעזער געפינען אַ ספּעציעלען אַרטיקעל, געשריבען פון אונזער גענעראַל־סעקרעטער י. באַסקין, וועגען דער טעטיגקייט פון אַ. ר. פאַר'ן פאַרגאַנגענעם יאָהר. אונז בלייבט נאָר איבער צוצוגעבען אייניגע באַמערקונגען וועגען דער בילדונגס־אַרבייט, וואָס איז אַדורכגעפיהרט געוואָרען פון דער „עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע". איהר גרעסטער אויפטו איז אָהן שום ספק די אַרויסגאַבע פון די זיבען וויסענשאַפטליכע ביכער פון איהר 1918 ביבליאָטעק. אַרום פיער טויזענד סעטס, אָדער פינקטליכער, אַרום אַכט און צוואַנציג טויזענד ביכער, זיינען שוין פאַרקויפט געוואָרען, אויסער הונדערטער ביכער פון דער פריהעריגער 1916 ביבליאָטעק. דער בילדונגס־דעפּאַרטמענט האָט אויך אָנגעהויבען אַרויסצוגעבען רעוואָלוציאָנערע און אַרבייטער־מוזיק פאַר די פאַרשיעדענע אַרבייטער געזאַנגס־פאַראיינען איבער'ן לאַנד און גרייט צו נאָך אַ קאָלאָסאַלערע 1919 ביבליאָטעק, ווי אויך אַ אידישע כריסטאָמאַטיע און אַריפמעטיק. ער האָט אָרגאַניזירט צוויי אַ. ר. אָרקעסטערס אין ניו יאָרק אין אַ ברענטש פון אַ. ר. און האָט ווייטער פאָרטגעזעצט זיין שטיצע צו די עקזיסטירענדע אַ. ר. כאָרען און דראַמאַטישע גרופּען. ער האָט געגעבען אַ שטאַרקען שטויס פאָרווערטס די שול־באַוועגונג און האָט שוין געלעגט פאַר איהר שטאַרקע פונדאַמענטען אין ניו יאָרק. ער האָט אַדורכגעפיהרט אַן ערפאָלגרייכען לעקטשור טור אין אָנהויב פון יאָהר מיט דר. מ. גורעוויטש אונטער זעהר אונגינסטיגע אומשטענדען און גרייט יעצט פאַר צום ענדע פון יאָהר אַ טור מיט גענ. אַ. ש. זאַקס, אויסער אַ רייהע אַנדערע לעקטשורערס, וואָס ווערען געשיקט אין די נאָהענטע פונקטען אַרום ניו יאָרק. דער דעפּאַרטמענט האָט זיך אויך געגעבען די גרעסטע מיהע צו פאַרבעסערען דעם „פריינד" און מאַכען איהם מעהר צוציהענד פאַר זיינע צעהנדליגע טויזענדער לעזער. אין אַלגעמיין האָט דער אַ. ר. אין אָט דעם פאַרגאַנגענעם שווערען יאָהר אויך ערפילט, אונטער די באַדינגונגען, זיין פליכט צו די קולטורעלע נויטען פון זיינע מיטגליעדער.

דער קלאָרסטער און ווייסטער שניי קען נישט פאַרווייסען די בלוטיגע פלעקען פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג.

אין דיזער אָרדנונג אַרבייט איהר ביי דער מאַשין. אין דער סאָציאַליסטישער אָרדנונג וועט די מאַשין אַרבייטען ביי אייך...

# דער יאָהר 1918 אין אַרבייטער רינג

פון י. באַסקין

דער יאָהר 1918 וועט פאַרבלייבען אַלס איינער פון די מערקווירדיגסטע, איינער פון די ווענדע־פונקטען אין דער געשיכטע פון פעלקער און ראַסען איבער דעם גאַנצען ערד־קוגעל.

די גאַנצע וועלט האָט געביטען איהר פיזיאָגנאָמיע, אַלטע פאַרהייליגטע געטער זיינען אַרונטערגעריסען געוואָרען פון זייערע טראָהנען, טראַדיציעס און איינגעוואָרצעלטע גלויבענס זיינען צושמעטערט געוואָרען, און נייע אידעאַלען, העכערע און נאָבעלערע פּרינציפּען, האָבען פאַרנומען זייער פּלאַץ. די גאַנצע מענשהייט האָט זיך ווי אויפגעכאַפּט פון איהר שלאָף און מיט אַלע כחות פּרובט זי אַראָפּצוטרייסלען פון זיך דעם אַלטען, פאַרשימעלטען שטויב. אָבער מיר וועלען זיך דאָ ניט אָפּשטעלען אויף אַלגעמיינע געשעהענישען און פּאַסירונגען. מיר וועלען באַריהרען די ספּעציעלע עראייגניסע און איבערלעבונגען, וועלכע אונזער אָרגאַניזאַציאָן האָט דורכגעמאַכט אין פאַרלויף פון דיעזען יאָהר, און עס איז ווערטה וועגען דעם אביסעל אָפּצושטעלען זיך, יעצט ווען מיר מאַכען דעם חשבון פון דער פאַרגאַנגענעם יאָהר, פון די אַלע נייעסען וועלכע זיינען אויפגעטאָן געוואָרען אין דעם ארבייטער רינג.

גלייך אויפ'ן שוועל פון דיעזען יאָהר האָט דער ארבייטער רינג באַגעגענט איינע פון די גרעסטע רעפאָרמען, וועלכע אַ פּראָטוירנאַל אָרדער קען דורכפיהרען. דאָס איז די איינפיהרונג פון די פּראַטוירנאַל רייטס.

יאָהרען זיינען פאַרלאָפען, שטורמישע קעמפע זיינען פאָרגעקומען אין די רייהען פון דעם ארבייטער רינג ארום דיעזער רעפאָרמע, אַם ענדע האָט דער געזונטער שכל, דער גלייכער מענשליכער פאַרשטאַנד געזיעגט. די גרויסע מעמבערשיפ האָט זיך ארויסגעזאָגט פאַר דער רעפאָרמע. ביי דער סאַמע ענדע פון דעם יאָהר 1917 זיינען אַלע אָנשטרענגונגען געמאַכט געוואָרען אין אָפּיס, אַז דיעזע נייע רעפאָרמען זאָלען אריין אין קראַפט, און זי איז דורכגעפיהרט געוואָרען אויף דעם גלענצענדסטען אופן.

אמת, די צייט איז געווען זעהר ניט קיין גינסטיגע. די לאַגע איז געווען מעהר ווי אַ ביטערע, און פיעלע פון די איבערגעגעבענע מעמבערס, ווי טייער דיעזע רעפאָרמע איז זיי ניט געווען, האָבען מיט אַ שווערע האַרץ געוואַרט אויף די רעזולטאַטען. אין זייערע אויערען האָבען נאָך אַלץ געקלונגען די טרויעריגע פאָראויסזאָגונגען פון די געגנער, אַז דיעזע רעפאָרמע וועט צוברעכען דעם אַרבייטער רינג, וועט פאַרטרייבען טויזענדער און טויזענדער מעמבערס, וועט ארויפלעגען אַזאַ שווערע לאַסט אויף די ברייטע מאַסען, אַז זיי וועלען אונטער איהר איינפאַך פאַלען. די ערפאַהרונגען מיט אַנדערע אָרגאַניזאַציאָנען ביי איינפיהרען דיעזע רעפאָרמע איז געווען פון אַזאַ סאָרט, וואָס האָט קיין צופיעל מוט ניט געקענט צוגעבען.

די גרעסטע און די שטאַרקסטע פון זיי, ביי איינפיהרען די פּראַטוירנאַל רייטס, האָבען ווירקליך געליטען אַ מין ערשיטערונג. זייערע פונדאַמענטען האָבען זיך אַ טרייסעל געטאָן, און גאַנץ גרויסע ברענטשעס פון יענע אָרדענס זיינען אָפּגעפאַלען, ווייל זיי האָבען דיעזע נייע לאַסטען ניט געקענט אריבערטראָגען.

דער אַרבייטער רינג איז איינער, אָדער בעסער געזאָגט, דער איין־איינציגער אָרדער, וועלכער איז געבליבען אַזוי פעסט און אַזוי שטאַרק ביי איינפיהרען דיעזע רעפאָרמע. נאָך מעהר, אין פאַרלויף פון דעם גאַנצען יאָהר איז די צאָהל געשטראָכענע פון יעדען קוואַרטאַל געווען מיט הונדערטע מעמבערס קלענער ווי אין די פריהערדיגע יאָהרען. דער צואוואוקס פון מעמבערס פון יאַנואַר 1918 ביז ענדע דעצעמבער 1918 איז געווען נאָהענט פון 4 טויזענד. אונטער די אומשטענדען, וועלכע איז אויסגעקומען צו לעבען דיעזען יאָהר, וועט יעדער צוגעבען אַז דאָס איז אַן אויסערגעוועהנליכער צואוואוקס.

און איידער די מעמבערס האָבען געהאַט צייט ארומצוקוקען זיך און באַגרייפען וואָס ס'איז פאָרגעקומען אין דיעזען יאָהר מיט די פּראַטוירנאַל רייטס, איז פאַר זיי גלייך אוועקגעשטעלט געוואָרען די פראַגע, אויך אַ קאָמפּליצירטע און אַ שווערע, וועלכע האָט אויך צו טאָן מיט אַ ספּעציעלע אָפּצאָהלונג, און דאָס איז געווען די פראַגע וועגען די גערדרעפּטעטע מעמבערס.

עס איז ביי קיינעם קיין צווייפעל ניט געווען, אַז אונטער אַלע אומשטענדען טאָר דער אַרבייטער רינג ניט פאַרלאָזען זיינע מעמבערס, וועלכע זיינען געצוואונגען געווען צו פאַרלאָזען זייערע היימען, זייערע פאַמיליען, אום צו ערפילען זייערע בירגערליכע פליכטען.

די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו האָט געשטודירט די פראַגע אום אויסצוגעפינען וויפיעל אומגעפעהר וועלען פון אונזערע רייהען אוועקגענומען ווערען, און נאָך געוויסע אונטערזוכונגען און אויסרעכענונגען, איז מען געקומען צום באַשלוס, אַז אַ 10־סענטיגער טעקס פער מעמבער, פער קוואַרטאַל, וועט זיין גענוג אום צו מאַכען גוט די דיוס פאַר די גערדרעפּטעטע מעמבערס.

די גאַנצע מעמבערשיפ האָט זיך וואַרים אָפּגערופען אויף דיעזען פאָרשלאַג, און כמעט איינשטימיג אָנגענומען דיעזען טעקס, וועלכער איז גלייך אריין אין קראַפט דעם ערשטען אַפּריל, און אויף אַזאַ אופן האָט דער אַרבייטער רינג באַפרייט זיינע גערדרעפּטעטע מעמבערס פון דיוס, אַראָפּגענומען פון זיי דעם זאָרג און דאגה טאָמער וועלען זייערע דיוס ניט אָנקומען אין צייט און זיי וועלען דאַרפען געשטראָכען ווערען. און ביז דער לעצטער סאָלדאַט וועט זיך ניט אומקעהרען צו זיין היים, און עס וועלען נאָך בלייבען איינינגע אין די קעמפּס, זיינען זיי דאָך אָבער פאַרזיכערט, אַז זיי זיינען גוטשטעהענדע מעמבערס און באַרעכטיגט צו אַ ל ע בענעפיטס, צו וועלכע יעדער מעמבער איז באַרעכטיגט.

אין דיעזער טאַט האָט זיך דער אַרבייטער רינג ארויסגעצייגט אין זיין פולען גלאַנץ און פּראַכט, זיין טיעפע איבערגעבענהייט צו די אינטערעסען פון דער ברייטער מעמבערשיפ.

אין דער זעלבער צייט אָבער, ווען דער אַרבייטער רינג האָט געהאַט אויף זיינע הענד אַזעלכע אויפגאַבען, וועלכע זיינען געווען ספּעציעל וועגען דער אָרגאַניזאַציאָן און וועגען זיין מעמבערשיפ, האָט ער אויך ניט פאַרגעסען זיינע אַנדערע הייליגע פליכטען צו די ליידענדע שוועסטער און ברידער אין אייראָפּאַ און אין די אַנדערע לענדער, וואו די מלחמה האָט געבושעוועט, און מיט דעם זעלביגען מוט, מיט דער זעלבער ענערגיע וואָס ער האָט אָנגעפיהרט די רעפאָרמען ביי זיך, האָט ער אויך אָנגעפיהרט אַ קאַמפּיין פאַר 25 טויזענד דאָלאַר פאַר די מלחמה־קרבנות. און מיר קענען מיט שטאָלץ באַשטעטיגען, אַז ניט נור איז די סומע דערגרייכט געוואָרען, נאָר זאָגאַר מען האָט קאָלעקטירט פיעל מעהר ווי דיעזע סומע. אַלע ברענטשעס, אַלע סיטי און דיסטריקט קאָמיטעען, האָבען בייגעשטייערט צו דיעזער נאָבעלער ארבייט. יעדער האָט געטאָן זיין פליכט, און מעהר וויפיעל זיין פליכט.

עס איז צו באַוואונדערען די אָפּפערווילינגקייט פון אונזער מעמבערשיפ, און מיר מעגען זיין ווירקליך שטאָלץ וואָס דער אַרבייטער רינג איז געווען בכח ארויסצורופען די טעטיגקייט פון אַזוי פיעל קרעפטען, אַזוי פיעל מענשען, וועלכע זיינען איינפאַך מקריב זיך, זייער צייט, און זאָגאַר זייערע פאַמיליען פאַר יעדע ערהאַבענע זאַך.

איך ווייס ניט קיין אַנדער אָרגאַניזאַציאָן וועלכע זאָל זיין אימשטאַנדע צו באווייזען די צאָהל מענשען ארבייטענדיג פאַר איהר אָהן געצאָהלט און אָהן וועלכע ניט איז אויסזיכטען פאַר אַ וואָסער ניט איז באלוינונג.

עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו קאָמיטע פון ארבייטער רינג, אריינטרעטענדיג אין אמט, אין מאָנאַט דזשון, וויסענדיג די עלעמענטען מיט וועלכע איהר קומט אוים צו האַנדלען, איז ווידער ארוים דאָן מיט אַ נייעם סלאָגאַן, און פיהרט אויך היינטיגען יאָהר אָן דעם קאַמפּיין פאַר דעם רעליעף פון אַ 25 טויזענד דאָלאַר פאָנד.

זי ווייס, אַז די קרעפטען פון דער אָרגאַניזאַציאָן זיינען נאָך ניט אויסגעשעפּט. זי ווייס, אַז דער קוואַל איז אַ ברויזענדער און אַ שטורמדיגער, און פון דיעזען קוואַל שעפּט זי איהר גאַנצע ענערגיע, איהר אייגענעם מוט פאַר איהר ווייטערדיגער טעטיגקייט. דיעזע טעטיגקייט איז אַביסעל פּאַראַליזירט געוואָרען אין די מאָנאַטען פון דער עפּידעמיע. די גאַנצע מעמבערשיפּ איז אָנגעריהרט געוואָרען פון דיעזער שרעקליכער מגפה. אָבער אויך אין דיעזען מאָמענט האָט דער ארבייטער רינג זיך ניט פאַרלאָרען.

אין פיעלע שטעדט האָבען די ארבייטער רינג ברענטשעס איינפאַך געטאָן וואונדער. זיי האָבען געגרינדעט קאָמיטעען צו העלפען די קראַנקע מעמבערס, און אין ניו יאָרק גופא האָט די עקזעקוטיווע אליין געגרינדעט אַ ספּעציעלע ערשטע הילף קאָמיטע. עס איז אָרגאַניזירט געוואָרען אַ גאַנצער סטעף פון נוירסעס און אַ פּאָר דאָקטוירים, און וויפיעל עס איז געווען מעגליך פאַר מענשליכע קרעפטען, האָט מען אַלץ באַזאָרגט אויף דעם בעסטען וועג.

אויך אין דעם קאַמפּיין פאַר דעם מיליאָן דאָלאַר פאָנד פון דער סאָצ. פּאַרטיי האָט דער ארבייטער רינג פּראָפּאָרציאָנעל געשאַפען אַ גאַנץ באַדייטענדע סומע; דיעזער קאַמפּיין האָט ליידער ניט געהאַט קיין ערפאָלג, צוליעב די ספּעציעלע אומשטענדען. די מגפה, וועלכע האָט זיך גענומען פאַרשפּרייטען אין הערבסט, ד. ה. אין סאַמע מיטען פון קאַמפּיין, האָט צושטערט אַלע פּלענער. ווען די נאַצ. עקז. קאָמיטע האָט זיך געשטעלט אַ סומע פון 10 טויזענד דאָלאַר אַלס דער חלק פון א. ר., האָבען אַלע געדענקט, אַז עס וועט זיין זעהר לייכט צו שאַפען דיעזע סומע. און עס איז קיין צווייפעל ניט, אַז מען וואָלט דיעזע סומע אַריבערגעשטיגען, ווען ניט די שרעקליכע אומשטענדען. און אויב דער נאַצ. עקז. קאָמיטע האָט געלונגען צו שאַפען נאָהענט פון 7 טויזענד דאָלאַר פאַר דעם מיליאָן דאָלאַר פאָנד, מעג זי זיך ווירקליך גראַטולירען מיט דעם. אונטער די אומשטענדען, ווען אַלע מיטינגען זיינען אָפּגעסטאַפּט געוואָרען, ווען מענשען זיינען געלעגען באַהאַלטען אין די נאָרעס, אָפּגעזונדערט און אָפּגעטיילט איינע פון די אַנדערע, דענקענדיג און זאָרגענדיג וועגען דעם אייגענעם נפש און וועגען דעם געזונד און סאַמע לעבען פון פאַמיליע און פריינד — אין אַזעלכע אומשטענדען איז דיעזע געזאַמעלטע סומע אַן ערפאָלג.

יעצט, ווען דיעזע צייל‌ען ווערען געשריבען, שטעהען מיר שוין ביי דעם שוועל פון דעם נ י י ע ם יאָהר. די עפּידעמיע איז איינגעשטילט געוואָרען, די מלחמה איז געענדיגט, און עס הערען זיך שוין נייע קלאַנגען פון אַ ברויזענדער טעטיגקייט, פון אַ גרויסער פאַרבאַרייטונג צו אַ טיכטיגען לעבעדיגען קאַמפּיין פאַר דעם מעמבערשיפּ און פאַר רעליעף.

יעצט, ביי דער ענדע פון דעם יאָהר, נאָך אַזעלכע שטורמען און אויפרודערונגען, נאָך אַזאַ אונגעהויערע צאָהל קראַנקען און טויטען פעלע, וואָס די עפּידעמיע האָט פאַראורזאַכט, שטעהט דער ארבייטער רינג פעסט ווי דער גיבראַלטאַר, מעכטיג ווי אַ ריעז, ווי אַן איינגעפונדעוועטער בנין, וועלכע קיינע שטורמען און ווינטען קענען ניט ריהרען פון אָרט.

פיעלע אָרדערס זיינען אויפגעטרייסעלט געוואָרען פון דער עפּידעמיע, זייערע פונדאַמענטען האָבען זיך אַ וואַקעל געטאָן, זיי זיינען געווען געצוואונגען ארויפצולעגען ספּעציעלע טעקסען פון 3 דאָלאַר און מעהר פער מעמבער, אום צו דעקען די ספּעציעלע עקספּענסעס וואָס די עפּידעמיע האָט מיטגעבראַכט. איינער פון די גרעסטע קאָנסערוואַטיווסטע אידישע אָרדערס האָט זאָגאַר געמוזט אָנריהרען עטליכע הונדערט טויזענד דאָלאַר פון זיין רעזערוו פאָנד.

דער ארבייטער רינג ווייס ניט פון די אַלע זאַכען. זיין רעזערוו פאָנד איז אונבאַריהרט, ער האָט זאָגאַר ניט פאַרצעהרט אין גאַנצען זיין סורפּלוס פון די פאַרשיעדענע פאָנדס, און געוויס קלערט ער נאָך גאָר ניט וועגען ארויפלעגען ספּעציעלע טעקסעס צוליעב דעם.

נאָך אַ פּאָר ווערטער וועגען אונזער לעגאַליזירונג. די איינפיהרונג פון פּראָטוירנאַל רייטס האָט געעפענט פאַר דעם ארבייטער רינג ברייטע האָריזאָנטען. עס האָט איהם געגעבען די מעגליכקייט אריינצודרינגען אין אַזעלכע פּלעצער, וואו ער איז פריהער געווען אונלעגאַל. די לעגאַליזאַציאָנס־ארבייט איז אָנגעפיהרט געוואָרען ענערגיש, אַזוי אַז ביז היינט האָבען מיר שוין ערָאָבערט 12 נייע סטייטס אין אַמעריקאַ און אַ פּראָווינץ אין קענעדע. מישיגאַן, אָהייאָ, מעין און נאָך פיעלע זיינען פון די סטייטס, וועלכע זיינען פאַר אונז געוואָרען יעצט פריי, און דער ארבייטער רינג קען דאָרט יעצט אָנפיהרען זיין טעטיגקייט אונגעשטערט, אונטער אַ פרייען הימעל, ווי אַ פולבאַרעכטיגטער בירגער.

מיר וואָלטען זיך געקענט אָפּשטעלען נאָך אויף איינינע כאַראַקטעריסטישע שטריכען אין דער טעטיגקייט פון דעם ארבייטער רינג, אָבער לײדער איז דער פּלאַץ צו באַשרענקט. מיר גלויבען אָבער, אַז די הויפּט־פּונקטען, וועלכע זיינען באַרעדט געוואָרען דאָ, ציינען ארוים דעם ארבייטער רינג אין זיין פולען גרוים. זיין טעטיגקייט איז אומבאַגרענצט, זיין שטרעבונג איז אומבאַשרענקט, זיינע ציעלען זיינען די ציעלען פון די ברייטע ליידענדע מאַסען, זיין צוועק איז צו פאַרלייכטערען און פאַרלינדערען די ליידען פון דיעזע מאַסען, העלפען זיי מיט וואָס ער קען, און אין דער זעלבער צייט פאַרשפּרייטען ליכט און בילדונג צווישען זיי, אַז זיי אַליין זאָלען זיך קענען העלפען, אַז זיי אַליין זאָלען קענען מיטווירקען צו דעם וואוקס פון פאַרשפּרייטונג פון העכערע אידעאַלען און פּרינציפּען.

די ארבייטער רינג מעמבערס ווייסען וואָס זייער אָרגאַניזאַציאָן איז, און מיט נייע קרעפטען, מיט נייעם מוט וועלען זיי זיך אריינוואַרפען אין דער ארבייט פאַר דעם נייעם יאָהר, און העלפען דער עקזעקוטיווע דורכפיהרען זייער קאַמפּיין ערפאָלגרייך, און קומען צום ארבייטער רינג קאָנווענשאָן שטאַרקער און מעכטיגער.

## שניי-לידער

פון י. ב. ביילין

.1

עס פאַלט דער שניי ווייס, אויסגעשפּרייט,  
זויבער־ליכטיג, און דורכזיכטיג,  
ווי אַ כלה אין חופּה־קלייד...

און ער, ווי זי, אין קורצען ווערט  
צוטראָטען גיך פון גראָבע שיך  
און פון קאָפּיטעס פון פערד...

.2

אַ ווייסע לבנה שווימט איבער'ן קאָפּ  
און שטראַלען עס פאַלען פון אויבען אראָפּ.  
אויך אונטען איז ווייס, אַזוי קלאָר, אַזוי ריין;  
איך געה אויפ'ן שניי דאָ אום איינער אַליין.  
עס ציהט זיך די ווייסקייט אָהן סוף, אָהן אַן עק,  
ציכטיג און ליכטיג, אָהן יעטווידען פלעק...  
עס בלענדעט די ווייסקייט אַרום אָהן אַן ענד —  
איך איינער, איך פיהל זיך דאָ, ווי אין דער פרעמד.  
און קלעהר זיך: אָי גאָט, דו האָסט מיר באַשערט  
צו בלייבען דער איינציגער פלעק אויף דער ערד...

# דער ארבייטער רינג און די אידישע פאָלקסשול

פון א. ליטווין

1. די נאַציאָנאַלע פּראָגראַם פון דער אידישער פאָלקסשול.

די לעצטע יאָהרען האָט זיך אויפגעקליבען אין אמעריקאַנער לעבען און, נאַטירליך, אויך אין אידישען לעבען פון אמעריקא, אזוי פיעל שאָטען, די אטמאָספערע פונ׳ם געזעלשאפטליכען לעבען און פון אַלע לעבענס־געביעטען בכלל, איז געוואָרען אזוי שטיקענדיג, אַז עס איז כמעט אונמעגליך צו אָטעמען. עס מוז אריינגעטראָגען ווערען ליכט, וואָס מעהר ליכט. אייבערהויפּט פיהלט זיך די גייסטיגע פינסטערניש און רעאַקציע, ווען מ׳פאַרגלייכט די באדינגונגען פונ׳ם לעבען דאָ און פון דעם לעבען, וואָס שיינט אויף אין דעם איצטיגען מאָמענט אין אייראָפּא.

דאָס לעבען קאָן דאָ ניט געהן ווייטער, ווי עס איז געגאַנגען ביז אהער. עס מוז געשאפען ווערען אַ גרויסע, אַ מעכטיגע באוועגונג איבער׳ן גאַנצען לאַנד צו באנייען דעם לעבען, צוצוגרייטען דעם באָדען פאַר די נייע לעבענספאָרמען, וואָס שטורמען איצט די וועלט אויף יענער זייט ים.

די באוועגונג דאַרף געהן אויף צוויי גרויסע שליאַכען: אויף דעם געביעט פון סאָציאַל־עקאָנאָמישער באנייאונג און אויף דעם געביעט פון ערציהונג.

אויף אָט די ביידע געביעטען מוז דער „ארבייטער־רינג“ — די גרעסטע אידישע ארבייטער־אָרגאַניזאַציע אין דער וועלט — שפּיעלען אַ גרויסע ראָלע. ער דאַרף ווייט ארויס פון די גרעניצען פון אַ קראַנקען־בענעפיט־ און סעמעטערי־ביזנעס־אָרגאַן— אָט די סדום בעטעל אין וועלכער דער ביז אהעריגער אמעריקאַנער לעבען האָט פארשטופּט יעדע פאָלקס־אָרגאַניזאַציע, אפילו די סאַמע ראַדיקאַלע און דעמאָקראַטישע. ער מוז עפענען זיינע טירען פאַר ברייטער און טיעפער קולטורעלער ארבייט אין פאָלק.

אויף די נייעסטע קולטורעלע פּראָבלעמען פונ׳ם ארבייטער־רינג האָב איך שוין, צום טייל, אָנגעוויזען אין אַ גאַנצער רייהע פריהערדיגע ארטיקלען אינ׳ם „פריינד“. מיר וועט נאָך פאָרקומען אויף אָט דער טעמע צו שרייבען. אין מיין איצטיגען ארטיקעל וויל איך בלויז אָנווייזען אויף דער ראָלע, וואָס דער ארבייטער־רינג דאַרף שפּיעלען אין דער רעוואָלוציע, וואָס מוז איצט פאָרקומען אין דער ערציהונג פון אונזערע קינדער.

דער „ארבייטער־רינג“ דאַרף נעמען אויף זיך די איניציאַטיוו פון איבערבויען די אידישע שול, מאַכען זי פאַר אַ פאָלקסשול אינ׳ם אמת׳ן זין פונ׳ם וואָרט.

דאָס ווערט שוין צום טייל איצט אָנגעפאַנגען. דער „ארבייטער־רינג“ איז די איינציגע פאָלקס־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אָנגעהויבען צו פאַרשטעהן, אַז ברייטערע קולטורעלע פּראָבלעמען האָבען אַ שטאַרקע שייכות צו איהר טעטיגקייטס־פּראָגראַם. עס איז ניט ווייט די צייט, ווען דער „ארבייטער־רינג“ וועט אָנהויבען פאַרשטעהן, אַז אַזאַ וויכטיגע פראַגע, ווי ערציהונג פון קינדער און זעלבסט־ערציהונג פון דער יוגענד, איז די וויכטיגסטע פּראָבלעם פון זיין ארבייט.

אין „ארבייטער־רינג“, אַזוי ווי אין אַנדערע ראַדיקאַלע און דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס, פאַרשטעהט מען איצט זעהר גוט, אַז מיט די ביז איצט עקזיסטירענדיגע סאָציאַליסטישע סאָנדעי־סקוהלס קאָן מען ניט גוט מאַכען די פעהלערען פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּאָבליק־סקוהל. אַז דער קאָסמאָפּאָליטיש־אַסימילאַטאָרישער גייסט, וואָס שמעקט פון דער סאָציאַליסטישער סאָנדעי־סקוהל, איז שטאַרק הינטערשטעליג קעגען דעם נייעם גייסט, וואָס שלאָגט מעכטיג אין די סאָציאַליסטישע מאַסען פון דער אַלטער היים. מיט איין וואָרט, מ׳הויבט אָן אין די לייטענדע ספערען פונ׳ם „ארבייטער־רינג“ קומען צום באוואוסטזיין, אַז אָט די גרויסע אידישע פאָלקס־אָרגאַניזאַציע מוז זיך פאַרנעמען מיט בויען אַ נייעם פונדאַמענט פאַר דער ערציהונג פון דעם אידישען ארבייטער׳ס קינדער. ער מוז לעגען דעם פונדאַמענט פון אַן אמת׳ער אידישער פאָלקסשול, וואָס זאָל שטימען פאָלקאָם מיט דעם גייסט פון דער צייט.

און דעריבער מוז די באַציהונג פון דעם „ארבייטער־רינג“ צו דער אידישער פאָלקסשול זיין אַזעלכע, וואָס זאָל זיך פּאַסען דעם נאָמען און דער באדייטונג, וואָס אָט די ריעזיגע ארבייטער־אָרגאַניזאַציע האָט אין פאָלק.

עס דאַרף זיך ניט האַנדלען אום שטיצען די, אָדער יענע שולע, מאַטעריעל, אָדער מאָראַליש, אום ארויסצוגעבען עטליכע ביכלאַך פאַר דער שולע. דער „ארבייטער־רינג“, אין באראַטונג מיט די בעסטע פּעדאַגאָגישע קרעפטען, וואָס ווירקען ארום דער אידישער פאָלקסשול, דאַרף, פריהער פון אַלץ, זיך אויסארבייטען אַ גענויען און גרינדליכען פּלאַן פון אַ אידישער פאָלקסשול, ווי זי איז נויטיג פאַר די קינדער פון דער אידישער מאַסע, לויט אונזער איצטיגען באַגריף. עס דאַרף אויסגעארבייט ווערען, אַזוי צו זאָגען, אַ פּראָגראַם־מאַקסימום און אַ פּראָגראַם־מינימום.

וואָרום, אויב לויט די איצטיגע אומשטענדען איז נאָך ניט מעגליך אריינצונעמען אין אונזערע הענד די פּובליק־סקוהל און פאַרוואַנדלען זי שוין אין אַ נאַציאָנאַלער אידישער פאָלקסשול, דאַרפען מיר אָבער אָט די אויפגאַבע האָבען שטענדיג פאַר די אויגען. ארבייטענדיג אויף דעם געביעט פון אידישער ערציהונג לויט דער פּראָגראַם־מינימום, מוזען מיר אויף אַ מינוט ניט לאָזען פון די אויגען די פּראָגראַם־מאַקסימום. און דעריבער מוז די פּראָגראַם־מאַקסימום, איך מיין די פולע פּראָגראַם פאַר אַ נאַציאָנאַלער אידישער פאָלקסשול אין דעם מאָדערנעם דעמאָקראַטישען זין, זיין ביי אונז פאַרטיג, קלאָר און שטרענג אויסגעארבייט. וואָרים מיר קאָנען ניט וויסען איצט, בשעת די־היסטאָרישע געשעהענישען ענטוויקלען זיך מיט אַזאַ מוראדיגער האַסטיגקייט אויפ׳ן מאַקסימאַליסטישען שטייגער, ווען עס וועט קומען דער מאָמענט, אַז מיר זאָלען קאָנען איבערגעהן גלייך פון דער פּראָגראַם־מינימום צו דער פּראָגראַם־מאַקסימום. מיר דאַרפען זיין גרייט, ווי פרומע אידען אויף משיח׳ן, אַז דער טאָג קאָן זיין מאָרגען.

איך וויל זיך ניט באַשעפטיגען מיט אָנווייזען דאָ די פּראָגראַם־מאַקסימום פון דער אידישער פאָלקס־שול. דאָס דאַרף זיין די ארבייט פון אַ גאַנצע גרופּע מענשען, וואָס זאָלען זיין מעהר אָדער וועניגער קאָמפּעטענט. איך האָב געוואָלט שרייבען: „פאָלקאָם קאָמפּעטענט“, אָבער איך בין גלייך געקומען צום געדאַנק, אַז פאָלקאָם קאָמפּעטענטע פּערזאָנען, ד. ה. ספּעציאַליסטען־פּעדאַגאָגען פון אַ אידישער פאָלקסשול, האָבען מיר ליידער נאָך ניט. פּשוט דערפאַר, וואָס אומעטום האַלט נאָך די אידישע פאָלקסשול אין בויען זיך, „אים ווערדען“, און דער בעסטער לעהרער טאַפּט נאָך אַליין, זוכענדיג דעם וועג.

איך וויל דעריבער, אַלס איינער וואָס אינטערעסירט זיך שטאַרק די לעצטע יאָהרען מיט דער ערציהונגס־פּראָבלעם פון דער אידישער מאַסע, וואָס האַלט אין שטודירען די פראַגע, און האָט שוין ניט איין מאָל אויף אָט דער טעמע געשריבען אין די אידישע ארבייטער־אָרגאַנען, אָנווייזען בלויז אויף די ווינקעלשטיינער, אויף וועלכע ס׳דאַרף זיין געבויט די פּראָגראַם־מאַקסימום פון אַ אידישער פאָלקסשול.

דער ערשטער ווינקעלשטיין פון דעם פונדאַמענט, אויף וועלכען ס׳דאַרף זיין געבויט די אידישע פאָלקסשול, איז דער פּרינציפּ:

**די גאנצע ערציהונג פון דער יוגענד מוז ווערען נאציאנאליזירט**, ד. ה. זי מוז איבערגעגעבען ווערען דעם פאלק, צו וועמען די יוגענד באלאנגט, זי מוז זיין אויף דער שפראך, וואס די עלטערן פון דער יוגענד ריידען, זי מוז זיין אין דעם גייסט פון דער נאציאן, וועמעס קינדער די תלמידים זיינען, אויף וויפיעל דער גייסט ווידערשפרעכט ניט דעם אידעאל פון פארברידערונג פון אלע נאציאנען אין איין פאמיליע, וואו יעדער מיטגליעד האט זיין פולע זעלבסטשטענדיגקייט און פרייהייט צו לעבען אויף זיין אייגענעם שטייגער.

פון אט דעם פרינציפּ געהט ארויס, אלס זעלבסטפארשטענדליכער, א צווייטער פרינציפּ: **די נאציאנאלע ערציהונג נעמט ארום אלע שולען, וואס זיינען נויטיג צוצוגרייטען די יוגענד צום לעבען, אין זייערע דריי שטאפלען: די נידעריגערע פאלקסשולע (פּאבליק־סקוהל), די מיטעלע שולע (היי־סקוהל), די העכסטע שולע, דעם אוניווערזיטעט (קאלעדזש)** און מיט אלע זייערע צווייגען, ווי די קאמערץ־שולע (ביזנעס־סקוהל), טעכנישע שולע און אז. וו.

ארויסגעהענדיג פון דעם פרינציפּ, אויף וועלכען די מאדערנע פּעדאגאגיק בויט די ערציהונג פון דער יוגענד: אז **די באקאנטשאפט פון דעם קינד מיט דער וועלט און מיט דעם לעבען מוז זיך אנהויבען מיט דער ספערע און מיט דעם פלאץ, וואס זיינען די נאהענטסטע צום קינד**, מוז דאס קינד אין זיין גייסטיגער ענטוויקלונג, פריהער פון אלץ, זיך אויסלערנען האבען א באוואוסטזיניגע באציהונג צו די איידעלע טראדיציעס, פיהרונגען, געוואוינהייט, זיטען אין זיין עלטערנ׳ס הויז, עלטערנ׳ס פאמיליע, קרייז, אין וועלכען זיין פאמיליע לעבט, און נאציאן, צו וועלכער זיין פאמיליע באלאנגט. אט די באקאנטשאפט מוז זיך אנהויבען נאך פאר דער שולע, אפילו פאר דעם קינדער־גארטען, און זיך ניט ענדיגען אפילו מיט׳ן קאלעדזש.

אזוי ווי די שפראך, די קולטור, די פאלקס־שאפונג, די געשיכטע, די ליטעראטור פון׳ם קינד׳ס ספערע און נאציאן זיינען די מיטלען, הילפסמיטלען, דורך וועלכע דאס קינד ווערט באקאנט מיט זיין איך, מיט זיין ספערע, מיט זיין נאציאן, און דורך זיי מיט דער גאנצער ארומיגער אויסערליכער וועלט, מוז די ערציהונג פון׳ם קינד זיין געבויט אויף אט די אלע געגענשטאנדען. ד. ה. די שפראך, די געשיכטע, די ליטעראטור, די פאלקס־שאפונג פון דעם קינד׳ס נאציאן מוזען זיין אן אבליגאטארישער געגענשטאנד אין דעם קינד׳ס ערציהונג, אנהויבענדיג פון דעם קינדער־גארטען ביז דעם קאלעדזש איינגעשלאסען.

אלס ספּעציעלער פּונקט מוז ווערען ארויסגעהויבען, אז די שריפטליכע און מינדליכע שפראך פון אונטערריכט, פון יעדער פארבינדונג צווישען לעהרער און קינד, מוז זיין ניט אנדערש, **ווי אויף דער נאציאנאלער שפראך פון דעם קינד**. מיט אט דער קלארער פארמולירונג פון דעם דאזיגען פרינציפּ ווערט אויסגעשלאסען יעדע שלעכטע אויסטייטשונג. אין פאל, צ. ב. ש., אז די האלב, אדער גאנץ אסימילירטע אידישע עלטערן פון׳ם קינד ריידען צווישען זיך אן אנדער שפראך, ניט אידיש, דארפען זיי זיך פריהער אליין אומקעהרען צו זייער פאלק, אנהויבען ריידען זיין שפראך. אין 90 פראצענט פאלען איז די שפראך פון דעם קינד׳ס היים, פון זיינע טאטע און מאמע, אויך דעם קינד׳ס נאציאנאלע שפראך. אזוי ווי עס זיינען אבער פאראן פאלען, וואו די עלטערן פון׳ם קינד, אונטער דער ווירקונג פון קאפּיטאליסטיש־אסימילאטארישע טענדענצען, האבען אליין אויך שוין, צום טייל, אדער אין גאנצען, פארגעסען זייער שפראך און ריידען א פרעמדע שפראך, מוז די פארמולירונג פון דער ערציהונג־ און אומגאנגס־שפראך ביי דעם קינד אויסגעדריקט ווערען אזוי ווי אויבען, אז **יעדע פארבינדונג צווישען לעהרער און קינד**, סאי אין דער שולע, סאי אויסער דער שולע, מוז זיין אויף דער שפראך פון דער נאציאן צו וועלכער דאס קינד באלאנגט, לויט זיין אפּשטאמונג.

אזוי ווי אבער אין דעם אידישען פאלק האט זיך, צוליעב א גאנצע רייהע פארוויקעלטע היסטארישע סבות, ענטוויקעלט א צווייספּראכיגקייט, א געברויך פון העברעאיש, אלס שפראך פון העכערען קולטורעלען לעבען און אידיש, אדער שפאניאליש, אלס שפראך פון׳ם טעגליכען אומגאנג, און דער דאזיגער שפראכען־קאמף האלט נאך אן אין איצטיגען מאמענט, נעמט זיך ניט די פאלקסשולע צו לעזען אין גאנצען די דאזיגע פראגע, ביז עס וועט ניט פארקומען אן אלטוועלטליכער אידישער קאנגרעס, וואו די שפראך־פראגע וועט מוזען, צווישען אנדערע קארדינאלע פראגען פון אידישער אויפלעבונג, געפינען איהר אויטאריטעטע לעזונג. איינס מוז אבער בנוגע דער שפראכען־פראגע, שוין אין איצטיגען מאמענט, אריין אלס פרינציפּ אין דער פּראגראם פון דער פאלקסשול: קיין שום פאלק האט ניט דאס רעכט ארויפצוצווינגען דעם אידישען פאלק זיין שפראך, אלס נאציאנאלע אידישע שפראך. די שפראך־פראגע איז א אינערליכע פראגע פון דעם אידישען פאלק גופא און מוז פון אונז און צווישען אונז אליין, אהן קיין שום צוואנג פון דרויסען, געלעזט ווערען.

און נאך א פרינציפּ, וואס די אידישע פאלקסשולע איז מחויב אריינצונעמען שוין איצט אין איהר פּראגראם, פּראגראם־מאקסימום און פּראגראם־מינימום: אז ביז וואנען די שפראך־פראגע וועט געלעזט ווערען אויף דעם פארשטעהענדיגען אידישען קאנגרעס אויטאריטעטיש און גרינדליך, אנערקענען די אידישע באוואוסטזיניגע מאסען פאר זייער נאציאנאלע שפראך—אידיש, ד. ה. די שפראך, וואס די אידישע מאסע רעדט אין רוסלאנד, ליטא, פּוילען, גאליציען און רומעניען. צוזאמען דערמיט אבער איז א חוב פאר דער אידישער פאלקס־שול צו לערנען אין די העכערע קלאסען די קינדער העברעאיש, אלס א שפראך, וואס איז ארגאניש צונויפגעבונדען מיט אידיש, בילדעט כמעט א דריטעל פון איהר, האט געווירקט אויף איהר בוי און היסטארישער ענטוויקלונג, און אין וועלכער עס זיינען געשריבען די וויכטיגסטע היסטארישע און קולטור־היסטארישע ווערק פון דעם אידישען פאלק, די ווערק, וועלכע זיינען אן אונבדינגט נויטיגער עלעמענט אין דער גייסטיגער ערציהונג פון דער אידישער יוגענד, ווייל זיי זיינען דער יסוד פון דער אלמענשליכער גייסטיגער קולטור און צוזאמען דערמיט דער גייסטיגער קולטור פון׳ם אידישען פאלק.

די ביז אהער געבראכטע פּונקטען זיינען שייך צו דער נאציאנאלער פיזיאנאמיע און נאציאנאלען כאראקטער פון דער אידישער פאלקסשולע. עס איז פאראן אבער נאך אן עלעמענט, וואס דארף ליגען אין פונדאמענט פון דער אידישער פאלקס־שול, פון איהר פּראגראב־מאקסימום. און דאס איז שוין א סאציאל־עקאנאמישער. אט דער עלעמענט דארף זיין אין רעכטען צענטער פון דער אידישער פאלקסשול. און ער פארדיענט מ׳זאל וועגען איהם ריידען באזונדער.

---

ביז יעצט האבען מיר נאר געהאט **מלחמה**־קרבנות. יעצט איז נאך צוגעקומען **פאגראם**־קרבנות. מיר מוזען **פארצווייפאכען** אונזער ענערגיע.

* * *

אויף דעם אידישען **ארבייטער**־קאנגרעס, דארטען, וואו עס וועלען זיך צוזאמענקלייבען אלע „אסימילאטארען“, „גוים“ און „באלשעוויקעס“, וועט מען **גראדע** פיהרען די פּראטאקאלען אין **אידיש**. גאט, ווי שרעקליך!

אונזערע ברידער אין אייראפּא הויבען יעצט נישט אויף זייערע אויגען צו די בערג און פרעגען: מאין יבא עזרי? — זיי שטרענגען אן זייערע בליקען צו די ימים און ווייזען אן צו זייערע קינדער: פון **דארטען** וועלען אונז אונזערע ברידער העלפען...

* * *

אויב איהר באגעגענט נאר אן אויפריכטיגען און עהרענהאפטען מענשען, וועמענס סימפּאטיעס זיינען פארבונדען מיט די האפנונגען פון ארבייטער־קלאס — שטרענגט אן אלע קרעפטען און מאכט איהם פאר א מיטגליעד פון א. ר.

# דער שוואַרץ-קינצלער

(קינדער זכרונות)

פון י. אדלער

ווי **גאָלדענע** זומערפייגעל פלאַטערן אין דער זון און שטעלען זיך אָפּ אויף א ווייס צובליהטען קאַרשענבוים, אַט אזוי פלאַטערן מיינע זכרונות פון די קינדער־יאָהרען און שטעלען זיך אָפּ אויף א שבת נאָך שבועות.

ווינטעלעך הוידען דעם יונגען קאָרן; ווייסע בליהטען, ווי חלומות פון נביאים, וועהען ארונטער פון די אפּעל־בוימער; בלומען שלינגען שטיקער זון בייטאָג און שטילען זייער דורשט מיט'ן טוי ביינאַכט.

א גאָלדענער שבת!

אידען מיט שוואַרצע בעקישעס און ווייסע בערד און סויבעלנע שטריימלעך געהען פון שוהל. מאַנכע איינגעהילט אין טערקישע טליתים. פרויען מיט האָרבאַנדען און שטערנטיכלעך, מיט קרבן־מנחות אין די הענד געהען נאָך און שעפּען נחת פון זייערע מענער.

איך געה מיט'ן טאַטען. ער פיהרט מיך פאַר'ן האַנד. קינדער, וואָס האָבען קיין טאַטעס ניט, זיינען מיך מקנא.

בידנע יתומים!

אָט קומט מיר אקעגען מיין חבר איציק און ער רוימט מיר איין א סוד, אז א שוואַרץ־קינצלער געפינט זיך אין שטעדטעל. ער קומט פון לעמבערג און ער ווייזט גרויסע קונצען. ער זאָגט מיר וואו איך קען איהם זעהן.

מאַכען מיר אָפּ צו טרעפען זיך נאָכ'ן עסען.

פרעג איך איציק'ן: וואו?

ענטפערט איציק: ביים טייך.

נאָכ'ן עסען:

אידישע טעכטער מיט שוואַרצע צעפּ און שוואַרצע אויגען זיצען ביי די פענסטער און קוקען ארויס אויף גאָט'ס שעהנע וועלט. די מאַמעס לייענען דעם טייטש־חומש און די טאַטעס שלאָפען. געניסען עונג שבת...

איך קום זיך צונויף מיט איציק'ן און מיר לויפען אוועק צום טייך.

דאָרט איז שוין פרייליך. אברעמעל דעם גלעזערס, גרשון דעם קצב'ס, לייבעל דעם קירזשנערס און נאָך חברים, פאַרען שוין ארום דעם שוואַרץ־קינצלער. ווייסען ניט וואָס צו טאָן מיט איהם. גיבען איהם אָפּ מעהר כבוד ווי זייער רבי'ן...

איך באַטראַכט דעם שוואַרץ־קינצלער: א דאַרער בחור מיט איינגעפאַלענע באַקען, אן אויסגעהונגערטע, מיט א צוקנייטשטען קאַפּעלוש און אן אַלטען סורדוט.

קענטיג א מורא'דיגער אביון!

— ווען וועט ער ווייזען קונצען? — פרעג איך.

— מאָרגען — ענטפערט מיר לייבעל דעם קירזשנערס.

— וואו?

— אין קצב'ישען שוליכעל.

— ווען?

— באַלד נאָכ'ן דאַוונען.

— מ'עט איהם דאַרפען באַצאָהלען דערפאַר?

— אודאי. יעדער איינער וועט דאַרפען עפּעס מיטברענגען: א גרייצער, א שטיקעל ברויט, — עפּעס. בחנם ווייזט ער ניט קיין קונצען.

— צופריעדען.

יעדע מינוט האָט מיר אויסגעוויזען ווי אן אייביגקייט.

די נאַכט פון שבת אויף זונטאָג האָב איך כמעט ניט געשלאָפען.

זונטאַג פריה בין איך **אויפגעשטאַנען** פאַרטאָג, אוועק אין חדר, פון חדר אין שוהל, אָפּגעדאַוונט, אוועק אהיים, א כאַפּ געטאָן צוויי קאַלטע קאַרטאָפליעס, וואָס האָבען זיך אָפּגעשטעלט פון דער נעכטיגער „מלוה מלכה“, אויסגעוויינט ביי דער מאַמען א גרייצער און אוועק אין קצב'ישען שוליכעל.

דאָס שולכעל איז געווען פול מיט מיינע חברים. אַלע מיט שטראַהלענדיגע פנים'ער. אָבער פאַר וואָס זעהט מען איהם ניט? וואו איז דער שוואַרץ־קינצלער? אפשר וועט ער גאָר ניט קומען? אפשר האָט ער אונז אָפּגענאַרט?

— לאָמיר איהם געהן אויפזוכען! — זאָגט אברעמעל דעם גלעזערס, א געשטופּעלטער בחור מיט בלאָנדע פּאות.

— וואו איז ער, וואו האַלט ער זיך אויף?

— אין הקדש! — — —

— שאַ, אָט געהט ער!

און מיר לויפען איהם אַלע אקעגען און מיר פיהרען איהם מיט גרויס פּאַראַד אריין אין מקום קדוש.

ער הייסט פאַרריגלען די טיר. אריינלאָזען זאָל מען נור יעדען איינעם, וואָס וועט ברענגען א שטיקעל ברויט אָדער א גרייצער.

ער הייסט אונז זיין שטיל. קיין פּיפּס זאָל מען פון אונז ניט הערען.

מיר פאָלגען און די הערצער—קלאַפּען: טיאָך־טיאָך...

געוואַלד, וואָס וואַרט ער, וואָס ציהט ער ארויס די עצמות? אַלעמאַי מאַכט ער ניט די קונצען?

ש־ש־ש: אָט נעהמט ער ווייזען וואָס ער קען. גאָט אין הימעל! וואָס זעה איך? איז דאָס א מענש פון פלייש און בלוט? זעהט־נור־זעהט: ער ציהט פון מויל רויטע, גרינע, בלויע סטענגעס. א וועלט מיט פאַרבען. און אזעלכע טייערע, זיידענע סטענגעס!

די סטענגעס ווערען פלוצים נעלם... און ער נעהמט ארויסציהען פון זעלבען מויל גאָלדענע קייטעלעך... און אָט ציהט ער ארויס פון איין קעשענע שטיקער טייערען סאַמעט. פון א צווייטע קעשענע ווייסע טויבען, פון א דריטע קעשענע רויטע רויזען... און אָט נעהמט ער צו מיין יאַרמעלקע, טוט זי א וואָרף אין דער לופטען און — עס פליהען זיך פאַנאַנדער קאַנאַריקלעך. די קאַנאַריקלעך שטעלען זיך אויפ'ן ארון קודש און זינגען...

און אָט שטופּט ער אריין די הענד אין א הויזען־קעשענע און נעהמט פון דאָרט ארויס א געבראָטען הינדעל און אייערקיכלעך.

מיר, קינדער, שטעהען, ווי באַ'כשופ'ט, מיט אָפענע מיילער... אָט גיט ער זיך א טרייסעל און ס'נעהמען פאַלען פון איהם א ים מיט גאָלדענע מטבעות... בערג מיט גאָלד... ער גיט א פייף און אַלץ ווערט פאַרשוואונדען...

אָט אזוי ווי איהר הערט, האָט ער פאַר אייערע אויגען באַשאַפען זייד און סאַמעט און גאָלד און וואָס ניט? אוצרות גאַנצע! און אז ער איז פאַרטיג געוואָרען, האָט ער גענומען בעטלען ביי אונז די גרייצערס און די שטיקלעך ברויט — — —

— ווען ניט איהר, ליעבע קינדערלעך — האָט ער געזאָגט — וואָלט איך פאַר הונגער געשטאָרבען!... מיט אייערע גרייצערס און שטיקלעך ברויט דערהאַלט איהר מיר די נשמה.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

איך האָב באַטראַכט דעם וואונדערליכען מענשען און זיך געטראַכט: נאָך וואָס דאַרף אזאַ מענש בעטלען? נאָך וואָס דאַרף ער אָנקומען צו קליינע קינדער נאָך א ביסען ברויט? ער קען דאָך מיט איין פייף, מיט איין טרייסעל באַשאַפען זייד און סאַמעט און גאָלד? פאַרוואָס באַשאַפט ער ניט די אַלע אוצרות פאַר זיך? ער קען דאָך זיין אזוי רייך, ווען ער זאָל וועלען. אַלץ ווענדט זיך אָן איהם!...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

ועמען, קינדער, קענט איהר פאַרגלייכען צו יענעם שוואַרץ־קינצלער, וואָס שאַפט זייד און סאַמעט און גאָלד און בלומען — אַלץ! און אז ס'קומט צו עפּעס איז ער א בעטלער?...

# די אמעריקאנער ליטעראטור אין דעם יאהר 1918

פון עקיבא בר־דעת

די אמעריקאנער ליטעראטור פון דעם נאָר וואָס פארגאנגענעם יאָהר 1918 אונטערשיידט זיך זעהר ווינציג פון דער ליטעראטור פון 1917, 1916, 1915 און אזוי ווייטער, פיעלע יאָהרען צוריקוועגס. זי האָט זעהר וועניג אָפּגעשפּיעגעלט דעם לעבען פון דעם אמעריקאנער פאָלק. און עס זיינען לעת־עתה ניטאָ קיין סימנים, אז די אמעריקאנער ליטעראטור פון 1919 וועט אין דעם פּרט זיין בעסער.

די אמעריקאנער אָפּיציעלע פּאטריאָטען האָבען א סך טענות צו דער אימיגראנטישער באפעלקערונג. איינע פון זייערע טענות איז, אז די אימיגראנטען, לעבענדיג אין אמעריקא און ווערענדיג אפילו אמעריקאנער בירגער, אינטערעסירען זיך וועניג מיט דאָס, וואָס פּאטריאָטען רופען די אמעריקאנער אידעאַלען. מיליאָנען מענשען, וועלכע זיינען געקומען אהערצו פון פארשיעדענע לענדער, נעמען אן אַקטיווען אנטייל ניט נור אין דעם עקאָנאָמישען, נאָר אויך אין דעם פּאָליטישען לעבען פון לאנד, אין דער צייט, ווען די מעהרסטע פון זיי בלייבען זייער גאנצען לעבען פרעמד צו דער שפּראַך, צו די טראַדיציעס און צו די שטרעבונגען פון זייער נייעם פאטערלאנד.

מען מוז מודה זיין, אז וואָס ס'איז שייך דער פאַקטישער זייט פון דער טענה, איז זי ריכטיג. אָבער ווער איז אין דעם שולדיג? וואָס איז די אורזאך דערפון?

עס איז קיין ספק ניט, אז איינע פון די סבות פארוואָס דער אמעריקאנער אימיגראנט בלייבט זיין גאנצען לעבען גייסטיג פרעמד צו אמעריקא, איז די קולטורעלע שוואכקייט פון דער אמעריקאנער ליטעראטור.

די אמעריקאנער ליטעראטור איז כמעט די גרעסטע אין דער וועלט. דאָ ווערען יעדען יאָהר געדרוקט מעהר ביכער ווי אין ענגלאנד, און אין קיין לאנד געהען ניט ארוים אזוי פיעל צייטונגען און זשורנאלען ווי אין די פאראייניגטע שטאַאטען. די היגע צייטונגען זיינען די גרעסטע אין דער וועלט, לויט די פּאפּיער, וואָס ווערט אויף זיי פארברויכט יעדען טאָג. אָבער קולטורעל האָבען די אלע ביכער, צייטונגען און זשורנאלען א שוואכען איינפלוס.

ספּעציעל שוואך איז די אמעריקאנער שעהנע ליטעראטור.

וואָס פאר א גוואלדיגער אונטערשיעד אין דעם פארהאַלטען זיך פון דעם אידישען ארבייטער צו די ליטעראטורען פון רוסלאנד און אמעריקא.

וועלכער אידישער ארבייטער ווייס עס ניט די נעמען פון טאָלסטאָי, טורגעניעוו, דאָסטאָיעווסקי, טשעכאָוו, גאָרקי, אנדרעיעוו און פון פיעלע אנדערע גרויסע און קלענערע רוסישע שרייבער? דורך די דאָזיגע שרייבער האָבען זיך די אידישע ארבייטער באקענט מיט רוסלאנד און האָבען זי ליעב באקומען. פון זייערע ביכער האָבען זיי אויסגעפונען, אז רוסלאנד האָט ניט נאָר א קולאַק און קאזאצקע נאגאיקעס, נאָר אויך א נשמה, א מענשליכע נשמה, וועלכע ליידעט און חלומ'ט, וועלכע דורשט נאָך פרייהייט און נאָך ליכט און נאָך ליעבע ניט וועניגער פון די נשמות פון אנדערע ליידענדע און אונטערדריקטע. ביי אונז אידען, און אויך ביי „זיי להבדיל", טרעפט אָפט, אז עלטערען פארשטעהען ניט די נשמות פון זייערע קינדער, און דער יונגער דור איז אינגאנצען פרעמד דעם דור, אויף וועמעס ברויט ער איז אויפגעוואקסען, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס ביידע דורות לעבען אונטער איין דאך. מענשען וואוינען אָפּ זייערע יאָהרען אין דעם זעלבען לאנד, און מען הויבט זיך ניט אָן צו פארשטעהן איינעם דעם אנדערען, אפילו ווען מען רעדט דיזעלבע שפּראַך.

אום צו פארשטעהן מענשען איז ניט גענוג צו וויסען ווי זיי קוקען אוים, ווי הייסט זייער גאָט און אויף וועלכען לשון זיי דאווגען, מען מוז אויך וויסען וואָס עס טוט זיך אויף זייער נשמה, און אויב איהר לעבט ניט דעם זעלבען לעבען, וואָס דאָס פאָלק אָדער דער קלאַס מענשען מיט וועמען איהר אינטערעסירט זיך לעבט, האָט איהר ניט קיין בעסערען מיטעל צו פארשטעהן זיי ווי דורך זייער ליטעראטור. ניט דורך דער ליטעראטור וועגען זיי, נאָר דורך דער ליטעראטור וואָס זיי האָבען אליין געשאַפען.

ניט לאנג צוריק האָט איינער פון די אינטעליגענטסטע גוי'אישע סאָציאליסטישע פיהרער אין ניו יאָרק ערקלעהרט, אז ער האָט זיך גע'חבר'ט מיט אידען פיעלע יאָהרען, דאָך האָט ער זיי וועניג פארשטאנען, ביז ער האָט איבערגעלעזען — נאַטירליך אין אן ענגלישער איבערזעצונג — עטליכע ערצעהלונגען פון י. ל. פּרץ. „אויב ניט העכער" און „באָנציע שווייג", זאָגט ער, האָבען איהם מעהר געהאָלפען צו פארשטעהן די אידישע נשמה, ווי אפילו דאָס אָפּלעבען א סך יאָהרען מיט א אידישע פרוי און עסען אלע פרייטאָג געפילטע פיש...

אזוי איז עס ניט נור מיט גוים. גאָר א סך אידען דארפען פריהער איבערלעזען „באָנציע שווייג" איידער זיי נעמען זיך רעדען וועגען אידישע ענינים.

וויסען די געשיכטע פון א פאָלק איז ניט גענוג אום צו קענען איהם. די קורצע מגילת רות גיט אונז א בעסערען באגריף ווי די אמאָליגע אידען האָבען געלעבט אויף זייער אייגען לאנד, ווי אלע היסטאָרישע טיילען פון די נביאים ראשונים צוזאמענגענומען. און פיעלע דענקען, אז דוקא די מגילת רות איז „היסטאָריש" וועניגער ריכטיג ווי דאָס וואָס ווערט דערצעהלט אין שופטים, אין שמואל און אין מלכים. גראַד די אויסגעטראכטע ליטעראטור, דאָס וואָס עס הייסט אין ענגליש „פיקשאן", העלפט אונז בעסער צו פארשטעהן מענשען און אומשטענדען ווי טרוקענע פאַקטען. דאָס איז דערפאַר, וואָס אין דער „שעהנער ליטעראטור" איז די נשמה פון דעם איינצעלנעם מענשען דער עיקר און די אלע בילדער און באַשרייבונגען און פאסירונגען פון די ערצעהלונגען און די ראָמאַנען האָבען נור א ווערטה אויף אזוי פיעל אויף וויפיעל זיי ערקלעהרען די דאָזיגע נשמה, העלפען אונז איהר צו פאַרשטעהן.

די יעצטיגע אמעריקאנער ליטעראטור איז זעהר א שוואַכער אויסדרוק פון דעם קולטורעלען לעבען פונ'ם אמעריקאנער פאָלק, דערפאַר איילט זיך ניט דער אימיגראנט מיט איהר צו באקענען, דערפאַר בלייבט פאַר איהם אמעריקא כמעט אונבאַקאנט.

זינט די מלחמה האָט זיך אָנגעפאנגען, האָט אמעריקא איבערגעלעבט זעהר שטורעמדיגע עטליכע יאָהר. די פאראייניגטע שטאַאטען זיינען קיינמאָל ניט געווען אזוי ענג פארבונדען מיט די אינטערעסען פון דער איבריגער וועלט, ווי זיי זיינען עס געוואָרען פאַר די לעצטע פאָר יאָהר. די באפעלקערונג פון לאנד איז געצוואונגען געווען צו פארטראַכטען זיך וועגען אזעלכע זאכען, וועלכע האָבען זיי ביז יעצט כמעט ווי גאָר ניט אינטערעסירט. וואָס קען טיעפער אָנריהרען די נשמה פון מענשען ווי די פראגע פון מלחמה און שלום?

לכל הפחות ביז וואנען אמעריקא איז אריין אין דער מלחמה איז דאָ אין לאנד פאָרגעקומען א שטאַרקער, טיעפער קאַמף צווישען די פארטיידיגער פון שלום און זייערע געגנער — ווי אזוי האָט זיך דער דאָזיגער קאַמף אָפּגעשפּיעגעלט אין דער אמעריקאנער ליטעראטור?

כמעט טויזענד בענדער נייע ראָמאנען און ערצעהלונגען זיינען דורך דעם לעצטען יאָהר דאָ אין אמעריקא אָפּגעדרוקט געוואָרען, חוץ די הונדערטע נאָוועלען און ערצעהלונגען אין דער פּעריאָדישער ליטעראטור. גאָר א היבשער פּראָצענט פון די דאָזיגע ווערק קענען באטראכט ווערען אלס א דירעקטער פּראָדוקט פון דער מלחמה. אָבער עס וועט זיין אומזיסט א־יער טרחה אויב איהר וועט זיך פּרובירען צו געפינען אין זיי כאָטש א שאָטען פון אן ענטפער אויף דער פראגע ווי אזוי די מלחמה האָט געווירקט אויף די נשמות פון די אמריקאנער מענער און

פרויען אַלס נשמות פון לעבעדיגע מ ע נ ש ע ן, וועמעס לעבען איז עטוואָס מעהר ווי בלויזע שנאה צום דייטש און פאַר וועמען דער טויט איז ניט קיין קלענערע טראַגעדיע אין דעם טומעלדיגען יאָהר 1918, ווי אין וועלכען עס איז אַנדער יאָהר.

בכלל קענען די מלחמה ערצעהלונגען פון דעם לעצטען יאָהר אין אַמעריקא איינגעטיילט ווערען אין צוויי גרופען. אַמעריקאַנער סאָלדאַטען און אַנדערע, וועלכע האָבען גענומען אַ מעהר אָדער ווייניגער דירעקטען אַנטייל אין דער מלחמה אין אייראָפּא, האָבען אין דער פאָרם פון נאָוועלען און ערצעהלונגען איבערגעגעבען זייערע פערזענליכע ערפאַהרונגען און באַשריבען די ש ט אַ ר ק ע ר ע פאַסירונגען פונ'ם קריעג. די גרופע האָט אַ היבשען ווערטה אַלס מאַטעריאַל פאַר שטודירען די פסיכאָלאָגיע פון מענשען אין אַן אַטמאָספערע, וואו מענשען זיינען אַזוי נאָהענט פנים אל פנים מיט'ן טויט. קיין ביכעל פון דער דאָזיגער גרופע צייכענט זיך ניט אויס מיט קיין שטאַרקען ליטעראַרישען ווערטה, ניט אין זייער סטיל און ניט אין דער פסיכאָלאָגישער שילדערונג.

די צווייטע גרופע איז געשריבען מעהרסטענס פון מענשען, וועלכע האָבען זיך באַקענט מיט דער מלחמה פאַרבלייבענדיג אין דערהיים. זייערע ווערק זיינען געבויט געוועהנליך נאָך דעם מוסטער פון די פּאָפּולערע דעטעקטיוו געשיכטען אָדער נאָוועלען פון דעם לעבען פון דער „ווילדער וועסט". נור אַנשטאָט דעם, וואָס אין יענע ראָמאַנען זיינען די העלדען געוועהנליכע פּאָליציי־אַגענטען און מענשען פון דער אונטערוועלט, שפּיעלען אין די מלחמה נאָוועלען פון דעם סאָרט די הויפּטראָלע פּאַטריאָטישע אַמעריקאַנער מענער און פרויען, וועלכע שטעלען איין זייער לעבען צו באַקעמפען די געהיימע און אָפענע פאַרשטעהער פון דעם שונא.

אַ היבש ביסעל ערצעהלונגען און ראָמאַנען גיבען זיך אָפּ מיט באַשרייבען די גוואַלדטאַטען פון דער דייטשער אַרמעע אין בעלגיען און אין פראַנקרייך. דער ערפאָלגרייכסטער ראָמאַן פון דעם סאָרט איז „אָנפאַרדאָנייבל סין" (אונפאַרצייהליכער פאַרברעכען) פון דעם באַקאַנטען נאָוועלען־שרייבער רופּערט היוז. דער מחבר פון דעם ראָמאַן האָט דוקא ניט באַדאַרפט פאָהרען קיין בעלגיען אום צו קענען באַשרייבען ווי די בעלגישע פרויען ווערען דאָרטען פאַרגוואַלטיגט פון די דייטשע סאָלדאַטען. די דאָזיגע באַשרייבונגען זיינען די שטאַרקסטע טיילען פון דעם בוך.

דער תמצית פון דעם ראָמאַן זיינען די ערפאַהרונגען פון צוויי אַמעריקאַנער פרויען, וועלכע זיינען אין אָנפאַנג מלחמה פאַרכאַפּט געוואָרען אין בעלגיען און האָבען דאָרט דורכגעמאַכט דאָס זעלבע, וואָס די בעלגישע פרויען אין יענער צייט. דער העלד פון דעם ראָמאַן איז אַן אַמעריקאַנער דאָקטאָר, דער מאַן פון איינע פון די פרויען, וועלכער איז אַזוי נאָבעל, אַז ער איז מוחל זיין פרוי די עבירות וואָס זי האָט געצוואונגענערהייט באַגאַנגען . . .

אויף וויפיעל די שילדערונגען פון דעם שרייבער זיינען געטריי צום לעבען, קען מען זעהן פון דעם, וואָס אַ באַוואוסטער אַמעריקאַנער ליטעראַטור־קריטיקער האָט צו זאָגען וועגען דעם ראָמאַן:

„מר. היוז, — ערקלעהרט גאַנץ ערנסט דער קריטיקער, — איז געגאַנגען אַ טריט ווייטער פון די מעהרסטע שרייבער און האָט ב אַ וו י ז ע ן ניט נור דאָס, וואָס די פרויען פון בעלגיען און פראַנקרייך האָבען דורכגעלעבט (אין דער צייט ווען די דייטשע אַרמעע האָט זיך אַהינצו אַריינגעריסען), נאָר אויך דאָס, וואָס עס האָט ג ע ק ע נ ט מיט זיי פּאַסירען, דאָס וואָס, ל ו י ט ד ע ר ע ר צ ע ה ל ו נ ג, האָט ו ו י ר ק ל י ך פּ אַ ס י ר ט מיט די צוויי אַמעריקאַנער פרויען, וועלכע זיינען פאַרכאַפּט געוואָרען אין דעם מלחמה־שטורם."

„דער שרייבער מאָהלט אויך די ווירקונג, וואָס זייערע ערפאַהרונגען האָבען געהאַט אויף זייערע שוועסטער אין דערהיים."

די דאָזיגע באַמערקונג פון דעם קריטיקער צייגט, אגב אורחא, אָן ווי אַזוי די אַמעריקאַנער ליטעראַרישע קריטיק ווירקט צו פאַרבעסערן די אַמעריקאַנער ליטעראַטור.

גראָד צווישען די ערצעהלונגען און ראָמאַנען פון דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור, וועלכע האָבען ניט צו טון מיט דער מלחמה, זיינען לעצטען יאָהר געשאַפען געוואָרען עטליכע זאַכען, וועלכע האָבען אַ רעכט אויף אַ ליטעראַרישער אַנערקענונג, כאָטש אין ניט קיין גרויסער מאָס.

בוטה טאַרקינגטאָן, וועלכער איז אַזוי פּאָפּולער צווישען די ליעבהאָבער פון ראָמאַנען, פון וועלכע די האָר שטעלען זיך קאַפּויר, האָט לעצטען יאָהר באַוויזען, אַז ער קען שרייבען פיעל בעסערע זאַכען.

אין זיין לעצטען ראָמאַן „דהי מאַגניפיסענט אַמבערסאָנס" (די יחוס'דיגע פאַמיליע אַמבערסאָן) גיט ער אַ ריכטיגע שילדערונג ווי די קאָמערציעלע אַריסטאָקראַטיע אין אַמעריקא איז אויסגעוואַקסען און האָט פאַרנומען דעם אויבען־אָן אין לעבען און ווי אַזוי זי איז שפּעטער אַרונטערגעשטופּט געוואָרען פון דעם אויבען־אָן דורך דער אינדוסטריעלער אַריסטאָקראַטיע פון אונזער דור. דער ראָמאַן באַשרייבט ווי די אַמעריקאַנער שטעדט האָבען אויסגעקוקט און ווי עס האָט זיך געלעבט אין זיי מיט פופציג יאָהר צוריק און ווי זיי זיינען אויסגעוואַקסען און זיך געענדערט אונטער דעם איינפלוס פון דער מאַשין־אינדוסטריע און דער נייעסטער טעכניק.

מר. טאַרקינגטאָן האָט די נייע שטאָדט מיט איהר טומעל ניט ליעב. ער דענקט אַז דער איינצעלנער מענש האָט אין איהר ווייניגער ווערטה און אַנזיכט ווי ער האָט געהאַט איידער מענשען האָבען געוואוינט אין טענעמענט הייזער. ער ווייזט אָבער ניט אָן קיין וועג ווי אַזוי פון די דאָזיגע טענעמענט הייזער פּטור צו ווערען.

דער ראָמאַן האָט זיכער אַ ליטעראַרישען ווערטה, כאָטש דער שרייבער האָט זיך גענומען מעהר מיה צו באַשרייבען די ז אַ כ ע ן, וועלכע ער מאָהלט ווי ער האָט עס געטון מיט זיינע העלדען. ער איז אין דעם פּרט געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז איינער פון זיינע קריטיקער האָט צו איהם טענות, אַז אין דעם ראָמאַן קען מען פּשוט דערקענען ניט נור די שטאָדט, וועלכע ער באַשרייבט (אינדיאַנאַפּאָליס), נאָר אויך די גאַסען און די הייזער אפילו. דער קריטיקער דענקט, אַז דער שרייבער איז שוין געווען צופיעל רעאַליסטיש. מעגליך, אַז פאַר די יעצטיגע איינוואוינער פון יענע גאַסען און הייזער איז עס ניט אַנגענעהם, אָבער ניט דאָס איז דער חסרון אין מר. טאַרקינגטאָן'ס נייעסטען ראָמאַן.

אַ גוטער סימן פאַר דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור איז דער „סאָציאַלער" ראָמאַן, מיט וועלכען די נייע שרייבערין גווירטרוד מ. שיעלדז האָט לעצטען יאָהר אָנגעפאַנגען איהר קאַריערע. דער ראָמאַן איז אַ סאָציאַלער הויפּטזעכליך לויט'ן נאָמען. ער הייסט „קאַסט טהרי" (דריי קאַסטען — שטאַנדען). ווי עס ווייזט אויס האָט די שרייבערין ניט געהאַט קיין מוט אָנרופען די זאַך מיט'ן אמת'ן נאָמען — „דריי ק ל אַ ס ע ן", וואָרים דאָס איז אייגענטליך וואָס זי מיינט. „די אַרבייטער, וועלכע ווערען אין חשבון ניט אַריינגענומען, דער מיטעל־קלאַס און די גרויסע קאַפּיטאַנען פון די אינדוסטריען." די טעמע פון דעם ראָמאַן איז ניט דער קאַמף, וואָס פאַרשיעדענע קלאַסען אין דער אַמעריקאַנער געזעלשאַפט פיהרען אָן צווישען זיך, נאָר די אַלטע געשיכטע ווי אַזוי דער קרעמערישער קלאַס עסט אויף די נשמה פון אַן אידעאַליסטישען יונגענמאַן, וועלכער איז „פאַרכאַפּט" געוואָרען פון אַ סאָציאַליסטיש־פּראָלעטאַרישער אַטמאָספערע אין דער צייט ווען ער האָט נאָך ניט גוט פאַרשטאַנען דעם ווערטה פון מזומן געלד און אַן אייגענע ביזנעס.

די שרייבערין האָט טאַלאַנט און קען זיך ערנסט פאַרטראַכטען וועגען זאַכען. צו וואָס זי וועט זיך דערטראַכטען און וואָס וועט טון מיט א י ה ר נשמה די אַמעריקאַנער קרעמערשע ליטעראַטור, קען מען נאַטירליך ניט וויסען אויף זיכער.

טעאָדאָר דרייזער האָט לעצטען יאָהר אָפּגעדרוקט אַ זאַמלונג ערצעהלונגען, אָבער גאַנץ שוואַכע לויט זייער אינהאַלט און באַאַרבייטונג.

עס זיינען לעצטען יאָהר אַרויס אין אַמעריקא זעהר פיעל פּאָעטישע זאַמלונגען. צווישען די אַמעריקאַנער יונגע פּאָעטען זיינען דאָ אַ סך אמת'ע טאַלאַנטען און מענשען, וועלכע זיינען גאַנץ ערנסט מיט זייער קונסט. די אַמעריקאַנער פּאָעזיע האָט נאָך אָבער ניט געפונען איהר אידעאַל. איהר פעהלט אַ באַשטימטע וועלט־אַנשויאונג. דאָס איז אַזוי נויטיג פאַר פּאָעזיע, ווי פאַר ליטעראַטור. די אַמעריקאַנער מאָדערנע פּאָעטען זיינען נאָך אפילו ניט קלאָר ביי זיך אין וואָס ס'באַשטעהען זייערע ספקות, וואָס זוכען זיי. וועגען דער אַמעריקאַנער פּאָעטישער ליטעראַטור איז כדאי צו שרייבען באַזונדער.

# דער אלף־בית פון לאָגיק

(ווי אזוי מיר דענקען)

פון פיליפ קראַנץ

## שלום־ציהונגען און זייערע פאָרמען

אום צו קומען צו א שלום, איז עס נויטיג צו פאַרבינדען וועניגסטענס צוויי באהויפּטונגען אָדער אורטיילען, וועלכע מען רופט געוועהנליך פּרעמיסען אין לעהרביכער איבער לאָגיק. שלום־ציהונגען אָדער שלום־פאָלגערונגען בכלל באצייכענט מען מיט'ן לאַטייניש'ן וואָרט אינפערענץ, און דיזען וואָרט וועלען מיר אויך דאָ געברויכען.

מען קען אינפערירען אָדער ציהען שליסע אויף פאַרשיעדענע וועגען, אזוי ווי מען קען אויך צוזאַמענשטעלען אורטיילען אָדער פּרעמיסען אויף פאַרשיעדענע וועגען. אָבער די הויפּטפאָרמען פון אינפערענץ זיינען פאָלגענדע דריי:

1) א פאַרגלייך צווישען צוויי זאכען, אָדער איינפאכע אנאלאָגיע (עהנליכקייט).

דאָס איז אַן אנאלאָגישע אינפערענץ אָדער א שלום־ציהונג פון איין איינצעלנען פאַל צו אַן אנדער איינציגען פאַל, פון פּרט צו פּרט, ווי למשל:

די עפּידעמיע אין ניו יאָרק איז א גרויסער אונגליק;

די עפּידעמיע אין באָסטאָן איז עהנליך צו דער עפּידעמיע אין ניו יאָרק;

פאָלגליך איז די עפּידעמיע אין באָסטאָן א גרויסער אונגליק.

2) שלום־ציהונג פון אַן איינצעלנען פאַל צו אַן אלגעמיינען פאַל, אָדער פון פּרט צום כלל, וואָס מען רופט אינדוקטיווע אינפערענץ, ווי למשל:

די עפּידעמיע אין ניו יאָרק איז א גרויסער אונגליק;

יעדע עפּידעמיע איז עהנליך צו דער עפּידעמיע אין ניו יאָרק;

פאָלגליך זיינען אלע עפּידעמיעס א גרויסער אונגליק.

3) שלום־ציהונג פון אַן אלגעמיינען פאַל צו אַן איינצעלנען פאַל, אָדער פון כלל צום פּרט, וואָס מען רופט דעדוקטיווע אָדער סילאָגיסטישע אינפערענץ, ווי למשל:

יעדע עפּידעמיע איז א גרויסער אונגליק;

די קראַנקהייט אין ניו יאָרק איז אַן עפּידעמיע;

פאָלגליך איז די עפּידעמיע אין ניו יאָרק א גרויסער אונגליק.

אָט אין דיזע דריי סאָרטען פון אינפערענץ האַנדעלט עס זיך אַלץ וועגען דעם, אַז אַן עפּידעמיע איז א גרויסער אונגליק. אין יעדען סאָרט געברויכען מיר בלויז דריי באהויפּטונגען אָדער אורטיילען, וואָס ווערען אויסגעדריקט דורך אַן אנדער קאָמבינאַציע אָדער צוזאַמענשטעלונג פון ווערטער אין דריי זאַצען אָדער פּראָפּאָזיציאָנען.

די ערשטע צוויי פּראָפּאָזיציאָנען זיינען עס די פּרעמיסען (העברעאיש: הנחות), וועהרענד די דריטע פּראָפּאָזיציאָן איז דער שלום (העברעאיש: מסקנא), וועלכער פאָלגט פון זייער פאַרבינדונג.

און יעדע פּראָפּאָזיציאָן באַשטעהט פון צוויי טיילען, וועלכע ווערען גערופען בלשון לאָגיק טערם. איין טייל איז נעמליך דער סוביעקט (ענגליש אויסגעשפּראָכען: „סאָבדזשעקט"; העברעאיש: נושא; רוסיש: פּאָדליעזשאשטשעיע) און דער אנדער טייל — דער פּרעדיקאַט (ענגליש אויסגעשפּראָכען „פּרעדיקייט"; העברעאיש: נשוא; רוסיש: סקאַזועמאָיע), און ביידע זיינען צוזאַמענגעבונדען דורך א קאָפּולא, וואָס עס איז, פּראָסט גערעדט, דער ווערב (צייטוואָרט) „זיין".

אָט צום ביישפּיעל דער זאַץ אָדער די פּראָפּאָזיציאָן:

אייזען איז א מעטאַל.

דער נאָמענסוואָרט „אייזען" איז דאָ דער סוביעקט און דער נאָמענסוואָרט „מעטאַל" איז דער פּרעדיקאַט, און זיי זיינען צוזאַמענגעבונדען דורך די קאָפּולא „איז".

אין דיזער פּראָפּאָזיציאָן ווערט געמאַכט א געוויסע באהויפּטונג אויף דעם גרונד פון א געוויסער עהנליכקייט צווישען די זאכען אָדער די אידעען, וועלכע ווערען באצייכענט מיט די ווערטער „אייזען" און „מעטאַל".

ווען מיר זאָגען: „אייזען איז א מעטאַל", אורטיילען מיר נאַטירליך. ווי אזוי מיר קומען צו אזא אורטייל, דאָס איז אַן אנדער פראַגע, וועלכע מיר וועלען דערווייל לאָזען אָן א זייט. מיר וועלען דאָ פּשוט אָננעהמען דעם רעזולטאַט פון א לאַנגער און זעהר פאַרוויקעלטער רייהע פון איינדריקע, עמפּפינדונגען, פאַרגלייכען, פאָרשטעלונגען, אידעען־פאַרבינדונגען, ערפאַהרונגען, און בכלל פּראָצעסען פון דענקען, וועלכע פיהרען אונז, למשל, צו אזא אלגעמיינען באַגריף ווי „מעטאַל".

דער דאָזיגער רעזולטאַט איז, אין אלגעמיינען גערעדט, אַן אורטייל. נור בלשון לאָגיק און אויך גראַמאַטיק איז דאָס א פּראָפּאָזיציאָן. און ווען מען שטעלט איין פּראָפּאָזיציאָן אין פאַרבינדונג מיט אַן אַנדערער אזוי, אַז מען זאָל דערפון קענען ציהען א שלום אָדער אזוי אינפערירען, ווי אין די אויבענגעבראַכטע ביישפּיעלען, דאַן רופט מען זיי פּרעמיסען.

יעדע פּרעמיס איז, אַלזאָ, אַן אורטייל און א פּראָפּאָזיציאָן; אָבער אַן אורטייל קען נור דאַן ווערען א פּרעמיס, ווען מען געברויכט איהם צו ציהען דערפון א שלום. אָט אין אונזער פאַל, ווען מיר זאָגען: „אייזען איז א מעטאַל", איז דאָס נור אַן אורטייל, א פּראָפּאָזיציאָן, א זאַץ; אָבער ניט א פּרעמיס. דאָס ווערט א פּרעמיס נור בשעת מען שטעלט עס אַריין אין איינער פון די פאָרמען פון אינפערענץ, אָט ווי למשל אין אזא סילאָגיזם אָדער שלום־פאָלגערונג:

יעדער מעטאַל איז ניצליך;

אייזען איז א מעטאַל;

פאָלגליך, איז אייזען ניצליך.

די פּראָפּאָזיציאָנען, וועלכע מיר האָבען דאָ געברויכט, זיינען די איינפאַכסטע. אין אזעלכע פּראָפּאָזיציאָנען, ווי „אייזען איז א מעטאַל", „די ערד איז א פּלאַנעטע", „ברויט איז א שפּייז", „וואַסער איז א פליסיגקייט", א. ז. וו., באַשטעהען די טערמס פון איינצעלנע נאָמענס־ווערטער.

דער סוביעקט איז דאָ דער ערשטער טערם און דער פּרעדיקאַט — דער צווייטער טערם.

ווען מיר געברויכען אָבער אזעלכע פּראָפּאָזיציאָנען, ווי: „אייזען איז א זעהר ניצליכער און ביליגער מעטאַל"; אָדער „די ערד מיט אַלע איהרע בערג און טאָלען איז דאָך אזוי קיילעכדיג ווי אַן אַפּעלסין", דאַן באַשטעהען שוין ניט די טערמס פון איינצעלנע נאָמענסווערטער. די קאָפּולא „איז" פאַרבינדט דאָ ניט בלויז צוויי נאָמענסווערטער, פון וועלכע איינער איז דער סוביעקט און דער צווייטער איז דער פּרעדיקאַט, זאָנדערן א רייהע פון ווערטער. אין אזא פּראָפּאָזיציאָן ציינט זיך אַרויס אַן אונטערשיעד צווישען א טערם און א סוביעקט אָדער פּרעדיקאַט.

אזוי ווי איך שרייב דיזע אַרטיקלען ניט בלויז פאַר אזעלכע, וואָס האָבען ניט געלערנט לאָגיק, זאָנדערן אויך פאַר אזעלכע, וואָס האָבען ניט געלערנט אפילו א גראַמאַטיק פון אירגענד וועלכער שפּראַך און ווייסען גאָר ניט, ווי מען צוטיילט און מען סאָרטירט די ווערטער פון א שפּראַך און ווי מען אַנאַליזירט א זאַץ, דאַרום וועל איך זיך דאָ אַביסעל מעהר אָפּשטעלען אויף דעם דאָזיגען אונטערשיעד.

דאָס וואָס מען רופט „סוביעקט" אין גראַמאַטיק, איז א נאָמענסוואָרט, וועגען וועלכען עס ווערט עפּעס געזאָגט אין א זאַץ. אָט אין אונזער ביישפּיעל: „אייזען איז א מעטאַל", איז דער נאָמענסוואָרט „אייזען" דער סוביעקט פון דעם זאַץ, ווייל וועגען איהם ווערט דאָך געזאָגט, אַז ער איז מעטאַל. ווען אַנשטאָדט „אייזען" וואָלט אין דעם זעלבען זאַץ געשטאַנען: „גאָלד", „זילבער", „קופּער", א. ז. וו., וואָלטען אָט

דיזע נאמענווערטער געווען די סוביעקטען. און ווען מיר זאָלען געברויכען אזא זאץ: „א מעטאל איז א זאך", איז דער נאמענסוואָרט „מעטאל" דער סוביעקט, ווייל וועגען איהם ווערט דאך געזאָגט, אז ער איז א זאך.

דאָס וואָס מען רופט אין גראמאטיק א פרעדיקאט איז דאָס, וואָס מען זאָגט וועגען א געוויסע זאך. אין אונזער ביישפיעל („אייזען איז א מעטאל") איז „מעטאל" דער פרעדיקאט. ווען מיר זאָלען אָבער זאָגען: „אייזען איז א זעהר ניצליכער און ביליגער מעטאל", בלייבט דער נאמענסוואָרט „מעטאל" אלץ דער פרעדיקאט, און די ווערטער „זעהר ניצליכער און ביליגער" באצייכענען נור, וואָס פאר א סאָרט מעטאל דאָס איז. אָבער אין לאָגיק ווערען די פינף ווערטער („זעהר ניצליכער און ביליגער מעטאל"), וואָס פאָלגען דאָ נאָך דער קאָפּולא, גערעכענט בלויז פאר איין טערם.

בקיצור, ווי לאנג א פּראָפּאָזיציאָן זאָל ניט זיין און וויפיעל ווערטער זי זאָל ניט ענטהאלטען, ווערט זי אלץ לאָגיש צוטיילט אין צוויי טערמס: פון איין זייט אלע ווערטער, וואָס זיינען פארבונדען מיט'ן סוביעקט, און פון דער אנדער זייט אלע ווערטער, וואָס זיינען פארבונדען מיט'ן פרעדיקאט. אט, למשל, אין דער פּראָפּאָזיציאָן: „די שיינבאר באוועגליכע זון איז אין דער ווירקליכקייט דער הימלישער קערפער, ארום וועלכען די ערד און אלע אנדערע פלאנעטען דרעהען זיך", זיינען די ערשטע פיער ווערטער איין טערם, וואָס זיין סוביעקט אין דער נאמענסוואָרט „זון", און די זעכצעהן לעצטע ווערטער זיינען דער צווייטער טערם, וואָס זיין פרעדיקאט איז דער נאמענסוואָרט „קערפער".

דער וואָרט „טערם" קומט פון דעם לאטיינישען וואָרט „טערמינוס", וואָס באדייטעט: א גרענעץ, אן ענד. אין לאָגיק געברויכט מען דיזען וואָרט צו באצייכנען יעדען פון די צוויי טיילען פון א פּראָפּאָזיציאָן, וועלכע ווערען אָפּגעגרענעצט דורך די קאָפּולא.

רענקט נאָך וועגען דעם און גערענקט עס. מען דארף זיך דאָס גוט אין קאָפּ אריינגעהמען. מען דארף בכלל וויסען, אין וועלכען זינען מען געברויכט ווערטער, באזונדערס נאָך אין לאָגיק. מען דארף אויסמיידען צוזאמענצומישען א טערם מיט א סוביעקט אָדער מיט א פרעדיקאט פון א פּראָפּאָזיציאָן. וואָס דייטליכער און שארפער מען באשרענקט, מען באגרענעצט אָדער מען באשטימט די באדייטונג פון די ווערטער, וועלכע מען געברויכט אין א פּראָפּאָזיציאָן, אלץ ריכטיגער קען מען דערפון אינפערירען. ווען צוויי מענשען געברויכען איין און דעם זעלבען וואָרט אין א פארשיעדענען זין, דאן וועלען זיי זיך שוין ניט קענען פארשטענדיגען, ווי לאנג זיי זאָלען ניט דיספּוטירען און וואָס פאר גוטע און פיינע ארגומענטען יעדערער פון זיי זאָל ניט געברויכען.

מיר וועלען שפּעטער זעהען, ווי ווייט ריכטיגע שלום-ציהונגען העגגען אָפּ פון א ריכטיגען געברויך פון ווערטער. רזשאהן סטואַרט מילל האָט רעכט, ווען ער ערקלערט גלייך אין אָנפאנג פון זיין לאָגיק, דאָס אזוי ווי רעזאָנירונג אָדער אינפערענץ איז א גייסטיגע אָפּעראציאָן, וועלכע ווערט געוועהנליך געמאכט דורך די אָנווענדונג פון ווערטער, דארום דארף מען די לאָגישע וויסענשאפט אָנפאנגען מיט אן אנאליז פון דער שפּראך. און אזוי ווי א שפּראך באשטעהט פון ווערטער, מיינט עס, אז מען דארף אויך לאָגיק אָנפאנגען מיט א באטראכטונג איבער ווערטער.

מיר וועלען איהם דאָ נאָכפאָלגען אין דער דאָזיגער באטראכטונג אזוי ווייט, ווי דאָס לאָזט זיך אין קורצע ארטיקלען.

און דיזע באטראכטונג וועלען מיר שוין טאקע לאָזען פאר דעם נעכסטען ארטיקעל.

---

# די אידישע ליטעראטור אין 1918

פון זישא לאנדוי

יעדער איבערבליק וועגען א פארגאנגענעם יאָהר ביי אונז, סיי וועגען אונזער געזעלשאפטליכער אָדער ליטערארישער טעטיגקייט, הויבט זיך געוועהנליך אָן מיט א פזמון וועגען דעם טרויעריגען פארגאנגענעם יאָהר. יעדער יאָהר, וואָס געהט פאר אונז פארביי, איז א טרויעריגער. קיינמאָל האָבען מיר פאר איהם ניט קיין גוט וואָרט. אזוי איז אונזער מזל, און אפשר איז דאָס בלויז אזא מאַניר פון אויסדריקען זיך. סוף-כל-סוף האָבען מיר שוין צופיעל ליעב צו באקלאָגען זיך. קיינעם געהט ניט צו גוט. ווי עס זאָל אָבער ניט זיין, איך וויל ניט אָבשטעהן פון אנדערע און וועל דאָס פארגאנגענע יאָהר אויך אָנרופען: „דאָס טרויעריגע יאָהר 1918". איך וועל זיכער ניט זיין ווייט פון אמת און דערביי זיך האלטען אָן דעם טראַדיציאָנעלען אָרט פון אלע איבערבליק-שרייבער.

אָבער יאָהרען פארגעהען. גוטע אזוי גוט ווי שלעכטע. און כאָטש א פאָלק באשטעהט פון יחידים, זאָגט עס אָבער נאָך ניט, אז ווען די איינצעלנע גליעדער פון א פאָלק האָבען געליטען, געהאַט אומגליקען און צרות, געבליבען האָפנונגסלאָז, איז דאָס פאָלק, אלס גאנצעס, אין דעם זעלבען צושטאנד. מעהרסטענס מאָל — פארקעהרט. היינט צו טאָג שטעהט דאָס אידישע פאָלק, ווי די גאנצע וועלט, פול מיט האָפנונגען און גלויבען אויף א בעסערער צוקונפט, ניט קוקענדיג וואָס עס איז אויסגעגאנגען איבער פיער יאָהר צייט אין בלוט, אָנגעוואוירען די בעסטע קינדער, פארטריבען געוואָרען פון די היימען און געבליבען אָהן א דאך איבער'ן קאָפּ.

ווי האָט זיך דאָס שוואכע שיפעל פון דער אידישער ליטעראטור דורכגעלאָזען דעם וועג דורכ'ן ים פון בלוט און טרערען פון יאָהר 1918?

ענטפערענדיג אויף דער פראגע, וועלען מיר בלויז האָבען אין זינען די אידישע ליטעראטור פון אמעריקא. אמת, עס איז דאָ בלויז איין אידישע ליטעראטור. מיר מוזען זיך אָבער באנוגענען בלויז מיט אמעריקא, ווייל אונז פעהלען גענויע ידיעות וועגען דער אידישער ליטעראטור פאר 1918 אין רוסלאנד און אנדערע לענדער. ס'איז וואָהר, אז פון צייט צו צייט דערטראָגען זיך צו אונז גרוסען פון דער אלטער היים, זיי זיינען אָבער אזוי מאָגער, אזוי אונבאשטימט, אז מען קען פון זיי קיין שלוסען ניט ציהען

וועלענדיג אין קורצען כאראקטעריזירען דאָס פארגאנגענע יאָהר, מוז מען זאָגען, אז די אידישע ליטעראטור אין אמעריקא האָט זיך ארויסגעוויזען אלס לעבענס-פעהיג. עס איז געווען א קריטישער יאָהר. קיין איין נייער טאלאנט האָט זיך ניט באוויזען. קיין איינער פון אונזערע עלטערערע שרייבער האָט מיט גאָרנישט קיינעם ניט איבערראַשט און אויך גישט קיינער פון אונזער יונגערען דור שריפטשטעלער. אמת, די איינגערע שריפטשטעלער — מיינסטענס ארום דעם פארלאג „אינזעל" — זיינען געקומען צום וואָרט, מיט זיי האָט זיך די פרעסע מעהר פון אלעמען פארנומען. אמת, וועגען איניגע פון זיי האָט מען זיך זעהר ווארים אָפּגערופען, אָבער דאָס אלין איז שוין געשאפען געוואָרען פריהער און בלויז דעם יאָהר געזאמעלט געוואָרען.

ניט האָבענדיג קיין נייעס האָבען זיך אונזערע פארלעגער געוואָרפען אויף איבערזעצונגען און אויף צענויפקלייבען דאָס פון פריהער געשאפענע. דאָ און דאָרט איז געווען אן אויסנאהמע, איך רעד אָבער אין אלגעמיין און ניט פון איינצעלנע פאלען.

ווי האָבען זיך די פארלעגער באצויגען צו זייער אויפגאבע? —

עס איז גענוג א קוק צו טון אויף דער פראכטפולער אויסגאבע פון היינריך היינע'ס 8 בענדער, וואָס דער פארלאג „אידיש" האָט ארויסגעגעבען, אויף דער נעטער און אין דער זעלבער צייט שטוינענד ביליגער אויסגאבע פון דעם ארבייטער רינג'ס 7 ביכער, אויף דעם באנד שעקספּיר'ס דראמען, וואָס דער „פארווערטס"

---

און גרויס, ווי דעם פאלקס אומגליק, זאָל זיין אייער הילף, און טיעף ווי זיין

האט ארויסגעגעבען, אויף די פיינע קינדער־ביכלעך פון מאני לייב'ן פון פארלאג „אינזעל“, אז מען זאל זיך איבערצייגען, אז צו די פארלעגער קען מען גאר ניט האבען.

און ניט נאר צו דער אויסערליכער זייט האבען זיך די פארלעגער באצויגען מיט ערענסט. זיי האבען מיט ערענסט גענומען קוקען אויף זייער ארבייט. נעמט, למשל, די אויסגאבע פון „ארבייטער רינג“. זיינען די ביכלעך גוט? — דאס איז די אויפגאבע פון די קריטיקער צו באשטימען. ווען עס זאל, למשל, זיך ארויסווייזען, אז זיי זיינען אין געוויסע הינזיכטען ניט צופריעדענשטעלענד, וואס וועט דאס באווייזען? — דאס וועט באווייזען, אז מיר האבען ניט קיין גוטע שרייבער וועגען די דאזיגע ענינים. דער „ארבייטער רינג“ האט זיך געווענדט צו די בעסטע, וואס מיר פארמאגען. מעהר ווי דאס האט ער אין קיין פאל ניט געקענט טון. און ניט נאר דער „ארבייטער רינג“, וואס גיט ארויס ביכער ניט צוליעב פראפיט, נאר אפילו די פארלעגער, וואס גיבען ארויס ביכער צוליעב געשעפט, זיינען געגאנגען אויפ'ן זעלבען וועג, מיט דער אויסנאהמע פון דעם „ליטעראַרישען פארלאג“, יאנקאוויטש'ען און מאַלערמאַנ'ען פון פילאדעלפיא, וואס גיבען טאנדעט איבערזעצונגען און באציהען זיך סקאנדאליעז צו דער אויסערליכער זייט פון בוך. אין דער צייט וואס ביי יאנקאוויטש'ען געהען ארויס די ערגסטע איבערזעצונגען, זיינען די אויסגאבען פון „ליטעראַרישען פארלאג“ די ערגסטע פון דער אויסערליכער זייט.

## וויסענשאפטליכע און פובליציסטישע ווערק

צווישען די וויסענשאפטליכע ביכער, וואס זיינען דעם יאהר ערשיענען, זיינען די וויכטיגסטע די ווערק פון קארל מארקס'ן. גאנצע דריי געזעלשאפטען האבען דעם יאהר ארויסגעגעבען קארל מארקס'ן. עס איז ערשיענען דער צווייטער באנד פון „קאפיטאל“ פון דער „קראפאטקין ליטעראַטור געזעלשאפט“. 2 בענדער פון קארל מארקס'עס ווערק האט ארויסגעגעבען די „קארל מארקס ליטעראַטור געזעלשאפט“, און גלייך ערשיינען די איבריגע ביכער (די אויסגאבע פון דער קארל מארקס ליטעראַטור געזעלשאפט באשטעהט פון 5 בענדער). די פאראייניגטע אידישע ארבייטער ארגאניזאציאנען האבען צום 100 יעהריגען יובילעאום פון קארל מארקס ארויסגעגעבען א בוך וועגען זיין לעבען און טעטיגקייט. די אויסגאבע פון ארבייטער רינג באשטעהט פון 1) אסטראנאמיע פון דר. ב. האפמאן, 2) פאליטישע עקאנאמיע פון א. ש. זאקס, צוויי ביכער, 3) געאָלאָגיע פון דר. א. קאספע, צוויי ביכער, און 4) פיזיאָלאָגיע פון דר. י. א. מעריסאן, צוויי ביכער. דער „פארווערטס“ האט ארויסגעגעבען הלל ראגאף'ס: ווי אזוי אמעריקא ווערט רעגיערט? (סיוויקס) און פריעדריך ענגעלס: „די פאמיליע“ אין דער איבערזעצונג פון ב. פייגענבוים. דער „קעמפער“ האט ארויסגעגעבען א גרויס בוך פון ארום 500 זייטען וועגען ארץ־ישראל פון ד. בן־גוריון און י. בן־צבי מיט מאסען צייכנונגען און לאנדקארטעס. דער „ליטעראַרישער פארלאג“ האט ארויסגעגעבען אין צוויי גרויסע בענדער די געשיכטע פון אידישען טעאטער פון ב. גארין. עס זיינען אויך ערשיענען דריי בענדער פון דר. ח. זשיטלאווסקי'ס ווערק. דאס, גלויב איך, זיינען די וויכטיגסטע ביכער אויף דעם וויסענשאפטליכען און פובליציסטישען געביעט.

## בעלעטריסטיק 1) אריגינעלע

דאס וויכטיגסטע אין דער אפטיילונג זיינען שלום־עליכם'ס ביכער. עס איז ערשיענען 8 בענדער פון זיינע שריפטען און דער דריטער באנד פון זיין „יריד“. עס איז אינטערעסאנט צו באמערקען, אז די פרעסע האט ניט דערמאנט מיט קיין ווארט די אויסגאבע. בכלל האבען אונזערע עלטערע שרייבער עפעס ניט קיין גליק אין דער לעצטער צייט צו דער קריטיק. אט איז, למשל, אין פארלאג „אידיש“ אין 1917 ערשיענען די געזאמעלטע ווערק פון אברהם רייזען אין 12 בענדער. אין 1918 איז ערשיענען א צווייטע אויפלאגע און איצט דרוקט זיך א דריטע און די פרעסע האט וועגען דעם כמעט ניט גערעדט.

דוד פינסקי'ס דראמען ווערען פארפערטיגט אין 5 בענדער און 2 פון זיי זיינען שוין ערשיענען. דער „פארווערטס“ האט ארויסגעגעבען צוויי ביכער פון שלום אש („ארץ ישראל“ און „בלעטער“) און צוויי ביכער פון לעאן קאברין („א ליטוויש שטעדטעל“ און „ארע די בארד“). אין „ליטעראַרישען פארלאג“ איז ערשיענען י. אפאטאשו'ס א בוך מיט'ן נאמען „אונטערוועלט“, הירשביין האט ארויסגעגעבען זיינע „רייזע־בילדער איבער אמעריקא“. עס איז ערשיענען א באנד ערצעהלונגען פון ז. ברכות מיט'ן נאמען „אונטער'ן שאטען פון חרמון“. מאקס מייזעל'ס פארלאג האט ארויסגעגעבען 7 איינאקטערס פון ראוז דזשעין (דער דאזיגער פארלאג האט ניט ארויסגעגעבען דעם יאהר פיעל, ווייל ער איז געווען פארבונדען מיט'ן פארלאג „אינזעל“). פון פארלאג „אינזעל“ איז ערשיענען א זאמעלבוך מיט'ן זעלבען נאמען און דריי בענדער שריפטען פון דוד איגנאטאוו, וואס האבען ארויסגערופען א זעהר ווארימע קריטיק.

## בעלעטריסטיק 2) איבערזעצונגען

די וויכטיגסטע איבערזעצונגען האט ארויסגעגעבען דער פארלאג „אידיש“. ער האט ארויסגעגעבען 8 בענדער פון היינריך היינע'ס שריפטען און אונטערגענומען א רייהע ווערק פון די באריהמטעסטע אייראפעאישע שריפטשטעלער. אנאטאל פראנס'עס: „די רויטע ליליע“ און ארטור שניצלער'ס: „דער וועג צו פרייהייט“ זיינען שוין ערשיענען. וועגען די איבערזעצונג פון פארלאג „אידיש“ קען מען זאגען דאס, וואס וועגען דער „ארבייטער רינג ביבליאטעק“ — אויב זיי זיינען ניט גוט, איז אין דעם ניט שולדיג דער פארלאג, נאר די איבערזעצער, ווייל ער ווענדעט זיך צו די בעסטע, וואס מען קען קריגען. דאס זעלבע קען מען זאגען וועגען דער „פארווערטס“ אויסגאבע פון שעקספיר'ס דראמען, וואס ווערען איבערזעצט פון י. י. שווארץ און פון וועלכע איין באנד איז שוין ערשיענען. „דער ליטעראַרישער פארלאג“ האט אונטערגענומען ארויסצוגעבען ראמאן ראלאנד'ס: זשאן קריסטאף. צוויי בענדער זיינען שוין ערשיענען. די גאנצע אויסגאבע וועט האלטען 10 ביכער, אזוי ווי אין פראנצויזישען אריגינאל. די „נייע וועלט“ האט ארויסגעגעבען דעם „גיהנם“ פון עדוארד שטילגעבאוער און די „ערזיינערונגען פון א סאלדאט“. יאנקאוויטש האט ארויסגעגעבען אין צוויי בענדער דאסטאיעווסקי'ס „ערנידעריגטע און באליידיגטע“.

## פאעזיע

אויב אונזערע יונגע שריפטשטעלער האבען אין דעם פארגאנגענעם יאהר פארנומען א באדייטענדען און אנגעזעהענעם ארט אין דער אריגינעלער בעלעטריסטיק, אין דער איבערזעצונג פון די אויבען־דערמאנטע ביכער, זיינען זיי אין דער פאעזיע געווען די אליינהערשער. קיין איין בוך מיט לידער פון די עלטערע שריפטשטעלער איז ניט ערשיענען. דער פארלאג „אינזעל“ האט ארויסגעגעבען גאנצע דריי בענדער מיט לידער פון מאני לייב און א זאמלונג לידער פון ה. לייוויק. אין מאקס מייזעל'ס פארלאג זיינען ערשיענען די לידער פון א. לעיעלעס אונטער'ן נאמען: „דער לאבירינט“. „דער ליטעראַרישער פארלאג“ האט ארויסגעגעבען א. אויערבאך'ס „קאראוואנען“, אין פארלאג „אמעריקא“ איז ערשיענען נפתלי גראס'ס „פסאלמען“ און א קליינע זאמלונג פון נחום י.'ס פאבלען זיינען ערשיענען אין פארלאג „אידיש“.

## קינדער־ליטעראַטור און אנדערע אויסגאבען

די קינדער־ליטעראַטור, וואס איז געווען אזוי פארנאכלעסיגט ביי אונז, האט זיך דעם יאהר צובליהט. די אויסגאבען באשטעהען נאך דערווייל פון קלענערע ביכלאך. אבער דאס איז ווי ביי יעדען אנפאנג. מיר מעגען אבער זיין צופריעדען מיט דעם וואס עס איז שוין ערשיענען. פאר דעם לעצטען האלבען יאהר זיינען ערשיענען מעהר קינדער־ביכלעך ווי פאר דער גאנצער צייט, וואס עס ווערען אין אמעריקא געדרוקט אידישע ביכער. פארלאג „אידיש“ גיט ארויס אלע מאנאט א ביכעל, און ביז איצט זיינען ערשיענען ארום 6 ביכלאך. די זעלבע צאהל האבען ארויסגעגעבען מאקס מייזעל'ס פארלאג, „אינזעל“ און מ. גורעוויטש. די ביכלאך ווערען אילוסטרירט און שעהן ארויסגעגעבען.

עפעס נייעס ביי אונז איז אויך די אויסגאבע אין בוך־פארם פון פעליעטאנען. עס זיינען ערשיענען צוויי בענדער פון דעם לעבעדיגענ'ס (ת. גוטמאן) שריפטען אין „ליטעראַרישען פארלאג“ און א באנד פעליעטאנען פון ד' אברוצי'ן.

עס ווארפט זיך אויך אין די אויגען דאס, וואס אלץ מעהר קינסטלער נעמען אנטייל אין דער אויסגאבע. אויסגעצייכענט פון אלעם האט זיך ז. מאוד. ער האט געמאכט פיעלע צייכנונגען צו די קינדער־ביכלאך, און אויך דארף דערמאנט ווערען האופטמאן, וואס האט אילוסטרירט די שריפטען פון „לעבעדיגען“.

---

איבערקוקענדיג דעם צעטעל פון די ערשיענענע ביכער פאר 1918 — דער צעטעל איז ניט פול, איך האב בלויז דערמאנט די וויכטיגסטע — מוז מען קומען צום באשלוס, אז דאס יאהר איז געווען איינס פון די וויכטיגע אין דער געשיכטע פון דער אידישער ליטעראַטור. אמת, דער אידישער שאפונגס־גייסט האט געדרעמעלט, אבער עס זיינען דערפאר איבערגעטראגען געווארען אין אידיש פיעל קולטורעלע ווערטען פון אנדערע שפראכען און דערמיט ברייטער און טיעפער געמאכט אונזער ליטעראַטור.

---

**טרויער אייער מיטגעפיהל, און ברייט אייער הארץ, ווי זיין ים פון צרות.**

# בעמיע אין יאָהר 1918

פון עסעף

די מעטאמאָרפאָזע איז פאָלקאָמען.

דער אַלטער ליעבליכער פּראָפעסאָר, וועלכער פלעגט באַווייזען אַזוינע פראַכטפולע עקספּערימענטען און פלעגט דערצעהלען אַזוינע אינטערעסאַנטע מעשה'לעך וועגען דער עקזיסטענץ פון אַטאָמען, עלעקטראָנען און מאָלעקיולען; דער באַשיידענער ערפינדער פון נייע וואונדערבאַרע עלעמענטען, נייע נוצליכע מעטאַלען, הימליש־שעהנע פאַרבען און ערקוויקענדע רפואות — דער אַלטער גוטמוטיגער פּראָפעסאָר פון כעמיע, וועלכער פלעגט תמיד אַרבייטען פאַר דעם וואוילזיין פון דער מענשהייט, האָט זיך אין 1914 ביסלעכווייז גענומען פאַרוואַנדלען אין אַ געפאַנצערטע מאַשינאָווע באַשעפעניש, וואָס אַטעמט מיט שרעקליך־גיפטיגע גאַזען און שפּייט מיט פאַרוויסטענדע אויפרייסונגס־שטאָפען, און אַ טייוועל, וואָס פאַרשפּרייט טויט און פאַרניכטונג.

די פאַרוואַנדלונג האָט זיך אָנגעהויבען אין 1914 און האָט דערגרייכט פאָלקאָמענהייט אין 1918.

אין 1918 האָט די כעמישע פּראָפעסיע ענטדעקט אָדער פאַרפאָלקאָמט אַזעלכע שרעקליכע פאַרניכטענדע שטאָפען, פון וועלכע די וויסענשאַפט האָט ביז מיט איינינע יאָהר צוריק קיין אַהנונג ניט געהאַט. עס זיינען ענטדעקט, אָדער פאַרפאָלקאָמט געוואָרען, זאַלצען, וועלכע עקספּלאָדירען אין דער לופט, אויף דער ערד און אונטער'ן וואַסער מיט אַ פיעל שטאַרקערע קראַפט ווי דינאַמיט; פליסיגקייטען, וועלכע צוגיסען זיך אין פלאַמען פייער און פאַרניכטען אַלץ וואָס שטעהט זיי אין וועג, און גאַזען, וועלכע דרינגען אַריין אין די טיעפסטע פאַרבאַהעלטענישען אין דער ערד און לאָזען דאָרט איבער טויט אָדער שווידערליכע קראַנקהייטען, פון וועלכע די מענשהייט האָט ביז יעצט ניט געוואוסט.

עס איז נאָך צו פריה אָנצוגעבען די פּרטים פון דיעזע מחבל'ישע „אויפטואונגען" פון כעמיע. מען ווייס נאָך וועניג פון די איינצעלהייטען, און דאָס וואָס מען ווייס טאָר מען דערווייל אויך ניט דערצעהלען. מען קען אָבער מיט זיכערהייט באַהויפּטען, אַז, וואָס אַנבאַלאַנגט דעם אמת'ן פּראָגרעס פון דער וויסענשאַפט, האָבען דיעזע כעמישע ערפינדונגען און פאַרבעסערונגען כמעט קיין ווערטה ניט. אין צייט פון פריעדען וועט מען זיך זיכער קענען באַגעהן אָהן די נייע־ענטדעקטע פאַרניכטונגס־שטאָפען און פאָלגליך אויך אָהן די פאַרהיטונגס־מיטלען.

מען מוז אָבער צוגעבען, אַז עטוואָס איז דאָך אויפגעטאָן געוואָרען לעצטען יאָהר אונטער'ן דרוק פון מלחמה. עס זיינען אויסגעאַרבייט געוואָרען נייע לעגירונגען, צוזאַמענשמעלצונגען פון מעטאַלען, וועלכע זיינען אי לייכט, אי זעהר שטאַרק. מען האָט ענטדעקט מעטאָדען, דורך וועלכע עס לוינט זיך עקאָנאָמיש אויסצואַרבייטען די פּאָטאַש (קאַלי) פון די רויהע פּראָדוקטען, וועלכע ווערען געברויכט אין די אייזען און צעמענט אינדוסטריען און, מיט וועניגער ערפאָלג, אויך פון די טאַנג — אַזאַ ים־פלאַנצע, אויף וועלכע עס איז אַ גרויסע גערעטעניש אַרום די ברעגען פון פּאַסיפישען ים.

עס זיינען אין 1918 פאַרענדיגט געוואָרען צוויי וויכטיגע פאַרבען, אויף וועלכע די טעקסטיל אינדוסטריע האָט שוין אַ לאַנגע צייט געוואַרט. איינער האָט אַ סאַפּירשטיין קאָליר, איז זעהר גוט פאַר וואָלענע אַרטיקלען און קריכט ניט אָפּ אין דער זון. דער צווייטער איז אַ עכט בלויער קאָליר, מיט וועלכען מען פאַרבט באַוועלנע חפצים.

עס איז לעצטען יאָהר אויך פעסטגעשטעלט געוואָרען, אַז עס לוינט זיך עקאָנאָמיש צו מאַכען אַלקאָהאָל, אמת'ן ספּירט, פון זעג־שטויב (אָפּילקעס), ביליגע קליידער פון האָלץ־מאַטעריאַל און גאַזאָלין, קעראָסין און פּאַראַפין פון געוויסע שיפערשטיינער, וועלכע מען האָט ענטדעקט אין די שטאַאַטען קאָלאָראַדאָ און יוטאַ.

**פיעל פּראָגרעס איז אין 1918 געמאַכט געוואָרען אין דעם** פאַרוואַנדלען פון קעראָסין און די אַנדערע „שווערע" פּעטראָלעאום „אוילען" אויף „לייכטע" פליסיגקייטען, ווי גאַזאָלין און בענזין, וועלכע זיינען פון גרויס עקאָנאָמישען ווערטה. דער פּראָצעס איז אַ וויכטיגער און אינטערעסאַנטער. עס איז אַ שאָד, וואָס דער פּלאַץ ערלויבט ניט אַן אויספיהרליכע באַשרייבונג פון דיעזען פּראָצעס.

דער גרעסטער אויפטו פון כעמיע אין 1918 איז געמאַכט געוואָרען אין די סינטעזיע (צוזאַמענשטעלונג) פון ניטראַטען דירעקט פון דער לופט. — אַ ניטראַט איז אַ כעמישע פאַרבינדונג פון די צוויי גאַזען: שטיקשטאָף (איין אַטאָם) און זויערשטאָף (דריי אַטאָמען) מיט אַ מעטאַל, ווי קאַליום (פּאָטעסיום) אָדער נאַטריום (סאָודיאָם). אויב די ניטראַט גרופּע (די שטיקשטאָף מיט זויערשטאָף) איז פאַראייניגט מיט קאַליום, רופט מען דעם זאַלץ סעליטרע; אויב מיט נאַטריום, רופט מען עס טשילי־סאַלפּעטער, ווייל עס געפינט זיך אין דיעזען צושטאַנד אין טשילי, דרום־אַמעריקאַ, פון וואַנען עס ווערט צושיקט אויף דער גאַנצער וועלט. מען האָט שוין אָבער לאַנג באַמערקט, אַז דער נאַטירליכער זאַפּאַס פון טשילי־סאַלפּעטער נעמט זיך זעהר שנעל אויס. צווייטענס, קאָסט טאַקי דער טראַנספּאָרטירען פון מאַטעריאַל זעהר טייער. זיינען כעמיקער געפאַלען אויף אַ פּלאַן ווי אַזוי דיעזע וויכטיגע שטאָפען צוזאַמענצושטעלען פון די עלעמענטען, וועלכע געפינען זיך אין דער נאַטור אין גרויסע מאַסען (99 פּראָצענט פון די גאַנצע לופט באַשטעהט פון שטיקשטאָף און זויערשטאָף). מיט דער הילף פון עלעקטריציטעט פאַרבינדען זיי די שטיקשטאָף און זויערשטאָף פון דער לופט און קריגען אַ ברוינעם גאַז, וועלכער פּראָדוצירט מיט וואַסער סאַלפּעטער־זויערע, וואָס ווערט געברויכט אין די כעמישע אינדוסטריען און מיט קאַלך פּראָדוצירט עס קאַלציום־ניטראַט, מיט וואָס מען באַמיסטיגט די פעלדער. אויב מען וויל באַקומען סעליטרע, לעזט מען דעם גאַז אויף אין פּאָטאַש, און אויב מען וויל טשילי־סאַלפּעטער, ווירקט מען אויף דעם מיט לויג.

אין שוועדען און נאָרוועגיען, וואו עלעקטריציטעט איז ביליג, פּראָדוצירט מען שוין לאַנג ניטראַטין פון דער לופט. דער פּראָצעס איז אויך ערפאָלגרייך גענוצט געוואָרען אין דייטשלאַנד די לעצטע פּאָר יאָהר. אין 1918 האָבען אַמעריקאַנער כעמיקער דעם פּראָצעס פיעל פאַרבעסערט. די רעגירונג פון די פאַראייניגטע שטאַאַטען בויט יעצט אַ פאַבריק פון $20,000,000 צו פּראָדוצירען ניטראַטען דירעקט פון דער לופט.

ריידענדיג וועגען איינצעלנע לענדער, מוז מען צוגעבען, אַז אַמעריקאַ האָט לעצטען יאָהר כעמיש מעהר פּראָגרעסירט פון יעדער אַנדער לאַנד. כעמישע אינדוסטריען זיינען אין לעצטען יאָהר אויסגעוואַקסען, ווי שוועמלאַך נאָך אַ רעגען. אַמעריקאַנער כעמיקער האָבען נאָך קיינמאָל אַזאַ גראָטענעם יאָהר ווי 1918 ניט געהאַט. עס איז גענוג צו דערמאָנען דעם פאַקט, אַז די דו־פּאַנט קאָמפּאַניע האָט אין די לעצטע 12 מאָנאַטען אויפגעבויט אַ פאַבריק, וואָס וועט קענען צושטעלען גענוג אינדיגאָ בלוי אָדער סינקע (די וויכטיגסטע אָרגאַנישע פאַרב) פאַר גאַנץ אַמעריקאַ. זיי זאָגען, אַז די פאַבריק האָט זיי געקאָסט צעהן מיליאָן דאָלאַר.

אין אַלגעמיין גענומען זיינען אָבער קיין גרויסע וויסענשאַפטליכע ענטדעקונגען אין כעמיע ניט געמאַכט געוואָרען. 1918 איז געווען אַ יאָהר פון קריעג, מען האָט זיך ניט געקענט אָפּגעבען מיט וויסענשאַפטליכע אַרבייט, וואָס ברענגט ניט קיין באַלדיגען נוצען.

עס וועט זיין אינטערעסאַנט זיך צוצוקוקען צום גאַנג פון כעמיע אין 1919. עס וועט זיין אינטערעסאַנט צו זעהן ווי דער אַלטער פּראָפעסאָר פון כעמיע וועט אויסזעהן נאָכדעם ווי ער וועט אויסטאָן די מלחמה־קליידער.

# אַ יאָהר אַרבייטער־געזעצגעבונג

פון ה. שער

מיט אַ קורצער צייט צוריק איז פון דעפּאַרטמענט אָוו לייבאָר אין וואַשינגטאָן ערשיענען די לעצטע סטאַטיסטיק פון אַרבייטער־געזעצע פאַר דעם פאַרגאַנגענעם יאָהר. דאָס איז אַן איבערבליק פון פאַרשיעדענע געזעצע וואָס זיינען דורכ׳ן יאָהר נעפּאַסט געוואָרען אין די יונייטעד סטייטס און איבערהויפּט אין די באַזונדערע סטייטס, וועלכע זיינען דורכאויס נוגע דעם אַרבייטער־קלאַס. עס פאַרנעהמט אַ גאַנץ היבשען בוך, וועלכער ווערט אַרויסגעגעבען פון דער ביוראָ אָוו לייבאָר סטאַטיסטיקס אין וואַשינגטאָן.

דיעזע ביוראָ איז געשאַפען געוואָרען פון דעפּאַרטמענט אָוו לייבאָר מיט דעם אויסשליסליכען צוועק צו שטודירען און זאַמלען אַלערליי אַרבייטער־געזעצע פון אומעדום און דאַן פאַרשפּרייטען זיי ווי ווייט מען קען. דאָס גיט אַ מעגליכקייט פאַר אַ סיסטעמאַטישע באַוועגונג פאַר אַרבייטער־געזעצגעבונג. דאָס איז עטוואָס אין וואָס די אַרבייטערשאַפט פון לאַנד נויטיגט זיך זעהר שטאַרק.

די ביוראָ איז נאָך אַ פאַרהעלטניסמעסיג נייע אינסטיטוציע אין דעם היגען לעבען, וואָס האָט נאָך ניט געהאַט קיין צייט צו באַפעסטיגען און באַזעצען זיך ברייטליך. אין די רעגיערונגס־קרייזען ווערט זי נאָך באַטראַכט אַלס אַ שטיעף־קינד. די אַלטע אַריסטאָקראַטישע טשינאָווניקעס קוקען אויף דיעזער אַרבייט קרום און באַטראַכטען עס בלויז אַלס אַ מאָראַלישער „גרעפּט“, אַזוי צו זאָגען, וואָס מען דאַרף צוואַוואַרפען דער אַרבייטער־באַוועגונג, און מ׳קען זיך דערפון ניט אַרויסדרעהען.

אין די פריהערדיגע יאָהרען האָט מען ניט געוואוסט פון אַזעלכע זאַכען ווי אַרבייטער־געזעצע. דאָס הייסט מען האָט ניט געוואָלט און ניט געטאָרט וויסען פון אַזוינע טריפה געזעצע. עס זיינען אַלע מאָל געוועזען ספּעציעלע טראָסט געזעצע, קאָרפּאָריישאָן געזעצע און פיעלע אַנדערע קלאַסיפיצירטע געזעצע, וועלכע זיינען פון אַלעמען אַזוי אַנערקענט געוואָרען. אָבער אַרבייטער־געזעצע? חלילה, אַזוינס טאָר גאָר אויף די ליפּען ניט אַרויפקומען. מען פלעגט זיך גאָר דערשרעקען ווען אימיצער האָט עס נאָר אַרויסגערעדט. אָט אַזוי אַשטייגער ווי דער אָנגעבלאָזענער מעיאָר פון דער גרעסטער אַמעריקאַנער שטאָדט דערשרעקט זיך ווען ער דערזעהט אַ רויטע בלום, נעקטיי אָדער וואָס עס איז פון רויטען קאָליר. נאָך ביז היינטיגען טאָג זיינען פאַראַן גענוג, גאַנץ גענוג „רעספּעקטאַבלע“ בירגער, וואָס קענען נאָך ניט שלום מאַכען מיט דעם ביטערען אמת, דאָס עס עקזיסטירט אַזוינס ווי אַן אַרבייטער־קלאַס. זיי וויסען בלויז פון בירגער, באַהויפּטען זיי. זיי וועלען צוגעבען דאָס עס זיינען פאַראַן פאַרשיעדענע עלעמענטען אין דער געזעלשאַפט. אָבער זיי באַנוצען דערפאַר אונשולדיגע נעמען, ווי צום ביישפּיעל „ג ר ו פּ ע ן“, „ש י כ ט ע ן“, „ק ר י י ז ע ן“ — אַלץ וואָס איהר ווילט, נור ניט ק ל אַ ס ע ן. דאָס איז אַ געפעהרליכער וואָרט.

אין 1892 איז ערשיענען צום ערשטען מאָל אַ ביכעל, אַזאַ מין בולעטין מיט אַן אָפּטיילונג פון אַרבייטער־געזעצע. דאָס איז געוועזען אַ קליינע צוזאַמענשטעלונג פון אַזעלכע געזעצע, פון אַ קנאַפּער באַדייטונג. דאָס איז אָבער געוועזען צום ערשטען מאָל ווען דער אַרבייטער־קלאַס האָט, ווילענדיג אָדער ניט ווילענדיג, געקראָגען אַן אָפיציעלע אַנערקענונג. מיט׳ן אַרויסגעבען פון יענעם בולעטין איז פעסטגעשטעלט געוואָרען דער געדאַנק דאָס עס עקזיסטירט אַן אַרבייטער־באַוועגונג, וועלכע לעבט, ווירקט און פאָדערט. די געזעצגעבונגען האָבען זיך דאַן גענומען דערמיט רעכענען.

ס׳איז גראָדע אַ גליקליכער צופאַל וואָס דיעזע אַנערקענונג האָט די אַרבייטער־באַוועגונג געקראָגען אין דעם זעלבען יאָהר ווען דער פונדאַמענט, דער ווינקעלשטיין פון אַרבייטער רינג איז געלעגט געוואָרען. אין דיעזען יאָהר, אין 1892, איז געגרינדעט געוואָרען בראַנטש 1 אַרבייטער רינג, דער ערשטער בנין פון אונזער אָרדען. איך ווייס ניט נאַטירליך אויף ווי ווייט איין פאַסרונג האָט דירעקט געווירקט אויף דער צווייטער. קיין בלינדער צופאַל איז עס אָבער אויך ניט. אין יענעם יאָהר האָט די וועסט מיט איהר מעכטיגער מיינערס אָרגאַניזאַציאָן אויפגעברויזט מיט אַרבייטער־פראַגען. די אַרבייטער־באַוועגונג האָט זיך דאַן גענומען פאַנאַנדערוואַקסען מיט אַ גרויסען אימפּעט, און די געזעלשאַפטליכע מיינונג האָט זיך געמוזט נעהמען רעכענען מיט אַרבייטער־פראַגען.

זייט יענעם יאָהר ווערען אַרויסגעגעבען דיעזע בולעטינס און ביכער וועגען אַרבייטער־געזעצע אָהן אונטערברעכונג. פריהער פלעגט עס ערשיינען ניט רעגעלמעסיג, אַזוי זיך פון צייט צו צייט. ביסלעכווייז האָט זיך די לאַגע געבעסערט און אין די לעצטע עטליכע יאָהר ווערט עס אַרויסגעגעבען סיסטעמאַטיש אַזוי ווי אַלע אַנדערע רעפּאָרטס פון דער רעגיערונג.

דער לעצטער רעפּאָרט, וואָס ליגט יעצט פאַר אונז, שטעלט מיט זיך פאָר אַ מאָדנעם בילד. ער גיט זיך אָפּ מיט די געזעצע וואָס זיינען געפּאַסט געוואָרען דורך דער צייט ווען די גאַנצע וועלט איז געוועזען איין גרויסער גיהנום, ווען אַלעמענס מוחות זיינען געוועזען פאַרנומען מיט מלחמה־פּלענער. ס׳פאַרשטעהט זיך, אַז דאָס אַלעס שפּיגעלט זיך אָפּ אָם שטאַרקסטען אויף די געזעצגעבונגען פון גאַנצען לאַנד. איין סטייט וויל אַריבעריאָגען דעם צווייטען אין מלחמה־גייסט. יעדע לעדזשיסלייטשור האָט עס געהאַלטען פאַר איהר ספּעציעלע אויפגאַבע וואָס בעסער צוצופּאַסען זיך צו דער מלחמה. אַלס אַ רעזולטאַט זיינען די מייסטע אָנגענומענע געזעצע אָנגעזאַפּט מיט סאָלדאַטשינע, מיט קאַזאַרמע.

פיעלע סטייטס האָבען אָנגענומען געזעצע צום שאַדען פון אַרבייטער. ספּעציעלע „אַנטי לייבאָר לאָאָס“. פריהערדיגע גוטע אַרבייטער־געזעצע זיינען דורך אַמענדמענטס און סתם דריידלאַך אָפּגעשוואַכט און פאַרניכטעט געוואָרען. ס׳איז אָהן צווייפעל געבראַכט געוואָרען דורך עכט רעאַקציאָנערע מאָטיווען. זיי זיינען אָבער גע׳חתמתעט געוואָרען אַלס „וואָר מעזשורס“ און מעהר האָט מען שוין ניט געדאַרפט. דאָס האָט אַלץ גע׳כשר׳ט.

אָט וואַרפען זיך אין די אויגען צוויי געזעצע פון די גאַנץ פּראָגרעסיווע וועסטערן סטייטס איידאַהאָ און קענזעס. ביידע געזעצע זיינען עהנליך איינע צו די אַנדערע, אַזוי ווי איין מאַמע וואָלט זיי געהאַט. זיי האָבען דעם זעלבען ציעל — צו פאַרמיידען סטרייקס. לויט דיעזע געזעצע טאָר מען ניט אַגיטירען צו סטרייקען, מ׳טאָר ניט רופען קיינעם צו סטאָפּען פון דער אַרבייט א. ז. וו. נאָך מעהר, ווען איינער וויל ניט געהן אַרבייטען, ווען עס שטעהען דזשאָבס אָפען פאַר איהם, ווערט ער פון געזעץ פאַררעכענט אַלס אַ לומפּ, אַ בראָדיאַגע און דאַרף אַזוי באַהאַנדעלט ווערען.

אויך אין מינעסאָטאַ איז אַן עהנליכער געזעץ געפּאַסט געוואָרען.

אויף דיעזען געביעט האָבען זיך די ניו ענגלאַנד סטייטס זעהר שטאַרק אויסגעצייכענט. אַזוי זיינען אין די סטייטס קאָנעקטיקוט, ווערמאָנט און ניו העמפּשייר אָנגענומען געוואָרען ספּעציעלע געזעצע, וועלכע באַפאָלמעכטיגען די גאָווערנאָרס זייערע אָפּצושאַפען אַלע אָדער אירגענד וועלכע פון די אַרבייטער־געזעצע. ער מעג עס טאָן ווען ער געפינט פאַר נויטיג און ווען די נייש[אָ]נאַל דעפענס ליעג רעקאָמענדירט עס איהם. אין פּשוט׳ע ווערטער הייסט עס, דאָס מען גיט איבער די מיליטערישע אויפּפּאַסער אַלע רעכטע און זיי, אָדער דער גאָווערנאָר אַלס זעלבסטהערשער, קענען טאָן וואָס זייער האַרץ גלוסט.

ניו יאָרק סטייט איז נאַטירליך אויך געגאַנגען אינ׳ם זעל־

בען וועג. ניין, זי האט אנגעפיהרט און אנדערע האבען נאכגעפאלגט. פארט די עמפייער סטייט. קודם האט מען נור געוואלט פארוואנדלען אלע סקוהלס אין קאזארמעס און, וואס פרעגט איהר, ס'איז דורכגעפיהרט געווארען און פארטיג. דאן האט מען געפאסט א רייהע אנדערע געזעצע, וועלכע האבען איין טענדענץ, און דאס איז אפצושוואכען די פאזיציעס פון די יוניאנס. די באשרענקונגס־געזעצע נעגען קינדער־ארבייט אין פעקטארים א. ז. וו. זיינען געווארען זעהר לויז און אפגעשוואכט. די פריהערדיגע מיט בלוט אויסגעקעמפטע געזעצע צו פארהיטען דעם לעבען און געזונד פון ארבייטער זיינען זעהר מילד געווארען. געוויס איז דאס אלץ געטאן געווארען מיט פארגלאצטע אויגען צום הימעל, אין נאמען פון דאס בעסטע און הייליגסטע. מיר אלע ווייסען אבער די אמת'ע אבזיכטען דערפון.

מען קען נאך אנצייגען אויף א סך אזעלכע געזעצע מיט גזלנ'ישען יושר. די אויבענדערמאנטע זיינען בלויז סעמפעלס פון „פאלקס־איבערגעבענהייט", וועלכע הערשט ביי די לעדזשיסלייטשורס פון פארשיעדענע סטייטס.

נאטירליך איז שווער פאראויסצוזאגען אויף ווי ווייט אזוינע געזעצע קענען אנגעווענדט ווערען געגען דער ארבייטערשאפט. גאנץ וואהרשיינליך וועט זיך עס פיעל ווענדען אן די כחות פון די באטרעפענדע ארבייטער־קערפערשאפטען. איז די ארבייטער־באוועגונג פון א סטייט שטארק און איינפלוסרייך, וועלען די אלע אנטי ליבאר לאאס בלייבען ערגעץ אין אן ארכיוו און זיי וועלען גאר די ליכטיגע וועלט ניט אנזעהן. אויב אבער די ארבייטער־ארגאניזאציאנען זיינען פארשלאפען, איז שוין די געשיכטע גאנץ אנדערש. אלענפאלס איז דיעזער סארט געזעצגעבונג אן אפקלאנג פון דער צייט פון שווערד און בליי.

דאך ענטהאלט ניט דער רעפארט דורכאויס שלעכטע טיילען. ס'געפינען זיך אין איהם א היבשע ביסעל גוטעס אויך. דורכבלעטערענדיג דעם בוך שטויסט איהר זיך אן זעהר אפט אויף געזעצע, וועלכע דייטען אן מיט א באזונדערע שארפקייט אויפ'ן פראגרעסיווען גייסט, וואס פארנעהמט דארטען אלץ מעהר און מעהר פלאץ, אויף דער שטארקער ווירקונג, וואס די ארבייטער־באוועגונג האט.

אזוי האבען זיך פיעלע סטייטס אפגעגעבען מיט דער פראגע וועגען א מינימום ווידזש פאר ארבייטער. פארלויפיג האבען זיי עס אנגענומען בלויז פאר פרויען און קינדער, ניט פאר מענער ארבייטער. מיט דער צייט אבער וועט עס געהן אביסעל ווייטער. אין קאלאראדא און אריזאנא, זיינען אזעלכע געזעצע געפאסט געווארען. אין אילינאי סטייט איז א ספעציעלע קאמישאן ערוועהלט, וואס זאל עס גוט באטראכטען און רעפארטען צו דער נעכסטער לעדזשיסלייטשור.

די פראגע פון ארבייטס־שטונדען האט געצויגען זעהר פיעל אויפמערקזאמקייט אין מאנכע סטייטס. אין מאנטאנא איז איינגעפיקרט געווארען אן 8־שטונדיגער ארבייטס־טאג פאר אלע סארטען ארבייט פאר'ן סטייט א. ז. וו. (פאבליק וואירק). דאס זעלבע איז אויך איינגעפיהרט געווארען אין פארטא ריקא. אין אלאסקא, אין דאס קאלטע בערען־לאנד, איז לעצטענס גאר איינגעפיהרט געווארען אן 8־שטונדיגער ארבייטס־טאג פאר אלע ארבייטער אין אלע שעפער און פעקטארים.

מאנכע סטייטס האבען זיך פאראינטערעסירט מיט'ן ארבייטער'ס בירגערליכע און פאליטישע רעכטע. ס'זיינען געמאכט געווארען פארלייכטערונגען פאר פארשיעדענע ארבייטער צו וואוטען, באסעס זאלען ניט קענען שטערען זייערע ארבייטער אין אזעלכע פעלע. אין אהייא סטייט, צום ביישפיעל, איז געפאסט געווארען א געזעץ, דאס באסעס טארען אונטער קיינע אומשטענדען ניט בעאיינפלוסען, דירעקט אדער אינדירעקט, זייערע ארבייטער וועגען פאליטישע אנגעלעגענהייטען.

פיעלע סטייטס האבען זיך ערענסט גענומען צו דער פראגע וועגען מאטהערס פענשאן, דאס הייסט שטיצע פון דער רעגיערונג פאר אלמנות וואס קענען זיך ניט פארזארגען, און פיעל גוטעס איז שוין געטאן געווארען אין דיעזער הינזיכט. אין מאנכע סטייטס קלערט מען שוין זאגאר וועגען סאשיאל אינשורענס און נאך אנדערע וויכטיגע געזעלשאפטליכע רעפארמען.

ארום און ארום מאכט דער רעפארט פון ארבייטער־געזעצגעבונג פאר'ן פארגאנגענעם יאהר אן איינדרוק דאס „די ערד באוועגט זיך דאך". מיר געהען דאך ווי עס איז פאראויס. אמאל מיט שנעלערע טריט און אמאל מיט לאנגזאמע טריט. די ריכטונג איז אבער די זעלבע. אויב עס געפינט זיך דארטען יא רעאקציאנערע געזעצע, זיינען זיי בלויז מאמענטאנע זאכען. צוזאמען מיט דער מלחמה זיינען זיי ארויפגעשוואומען אויף דער אויבערפלעכע און צוזאמען וועלען זיי פארשווינדען. די ליכטיגע פונקטען פון גוטע געזעצגעבונג פאר ארבייטער ווערען ניט פארדונקעלט דורך זיי.

## משה קארמאן — ווינטער (א קינדער־ליעד)

פראסט און שניי
שניי און קעלט,
קעלט און ווינד.
זעהסט מיין קינד:
א ווייסע וועלט —
ווינטער, ווינטער אויף דער וועלט.

בארג און טהאל
אלץ איז ווייס.
און דער ווינד
רוישט, מיין קינד,
הו־הו, ווי בייז...
ווינטער, ווינטער שניי און אייז.

גראז און בוים,
וואלד און פעלד,
ווייס, פארשנייט.
ווייט און ברייט,
עס פייפט די קעלט:
ווינטער, ווינטער אויף דער וועלט.

נוע איהר הויבט זיך אויף און ווען איהר לעגט זיך שלאפען, געדענקט אן זיי, אן די פאר־

# די סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין אַמעריקאַ אין 1918

פון ע. א. ברוידעס

דורך דעם פאַרגאַנגענעם יאָהר איז די סאָציאַליסטישע באַוועגונג אויף דער גאַנצער וועלט געוואָרען עטוואָס מעהר ווי בלויז אַ באַוועגונג. דער סאָציאַליזם האָט פאַר'ן יאָהר פאַרלאָרען זיין כאַראַקטער אַלס אַן אידעאַל נאָר פאַר דער צוקונפט. ער איז יעצט געוואָרען אַ פּראַקטישע פראַגע פון טאָג אין אַלע ציוויליזירטע לענדער. ביז דעם יאָהר 1789 איז אין פראַנקרייך פאָרגעקומען אַ רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג. אַזוי האָט געהייסען דאָס שטרעבען פון דעם פראַנצויזישען פאָלק צו באַפרייען זיך פון דעם יאָך פון די בורבאָנען און פון דער פעאָדאַלער אָרדנונג. אין דעם יאָהר 1789 האָט זיך געענדיגט די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג. און עס האָט זיך אָנגעפאַנגען די רעוואָלוציע. ביי די ברעטאַנער פויערען האָט עס גענומען נאָך עטליכע יאָהר ביז זיי האָבען פאַרשטאַנען, אַז מען קען לעבען אויף דער וועלט אָהן די בורבאָנען און באַאַרבייטען די פעלדער אָהן די פעאָדאַלען. אָבער דאָס האָט ניט געמאַכט די נאַציאָנאַלע רעוואָלוציע אין פראַנקרייך אַ וועניגער באַשטימטען פאַקט. די סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז אַלוועלטליך, אינטערנאַציאָנאַל אין דער זעלבער מאָס ווי די פראַנצויזישע רעוואָלוציע איז געוועזען נאַציאָנאַל. דאָס וואָס געוויסע פויערים פאַרשטעהען עס נאָך ניט, ענדערט ניט דעם פאַקט.

אין דעם יאָהר 1918 האָט זיך געענדיגט די סאָציאַליסטישע באַוועגונג און עס האָט זיך אָנגעפאַנגען די צייט פון דעם סאָציאַליזם. איך דענק אַז דאָס איז דער איינציג ריכטיגער שטאַנדפונקט, פון וועלכען מען דאַרף באַטראַכטען די סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין די לענדער, וואו עס איז נאָך ניטאָ קיין סאָציאַליסטישע רעגיערונג.

מיר דאָ אין אַמעריקאַ געפינען זיך דערווייל אין דער לאַגע פון יענע פראַנצויזישע ברעטאַנער פויערים מיט פינף דורות צוריק. עס וועט נאָך מוזען נעמען אַ ביסעל צייט ביז די סאָציאַליסטישע באַוועגונג וועט ביי אונז פאַרוואַנדעלט ווערען אין אַ פּראַקטישער ארבייט צו אָרגאַניזירען די סאָציאַליסטישע אָרדנונג.

די אָנגענומענע אָפיציעלע מאָס פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג איז דער וואוקס פון דער מיטגליעדערשאַפט אין דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי, די צאָהל שטימען וואָס די סאָציאַליסטישע קאַנדידאַטען ציהען ביי וואַהלען און די צאָהל פאָלקספאַרשטעהער וואָס די סאָציאַליסטישע פאַרטיי ערוועהלט.

לויט דער מאָס איז דער יאָהר 1918 געוועזען ניט פון גאָר די גרעסטע אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין אַמעריקאַ.

די צאָהל פאַרטיי־מיטגליעדער איז דורך דעם יאָהר פיעל גרעסער געוואָרען כמעט אומעטום, אויסער די דרום־שטאַאטען. יעצט האָט די פאַרטיי אַרום הונדערט טויזענד גוטשטעהענדע מיטגליעדער. מען מוז געדענקען, אַז פיעלע מיטגליעדער פון דער פאַרטיי זיינען געצוואונגען צו פאַרלאָזען די באַוועגונג און אַריינטרעטען אין דער אַרמעע. עס וועט נעמען נאָך פיעלע מאָנאַטען ביז זיי וועלען זיך צוריק אָנשליסען אָן אונזערע רייהען.

פיעל וועניגער מזל'דיג איז דער יאָהר געוועזען אין דעם פרט פון דער צאָהל שטימען פאַר סאָציאַליסטישע קאַנדידאַטען ביי די וואַהלען און די ערוועהלונג פון סאָציאַליסטישע בעאַמטע.

ביי די וואַהלען פון 5טען נאָוועמבער 1918 האָבען זיך ביידע אַלטע קאַפּיטאַליסטישע פאַרטייען פאַראייניגט און אַרויסגעשטעלט נור איין נעגען־קאַנדידאַט געגען די קאַנדידאַטען פון דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי דאָרט וואו זיי האָבען מורא געהאַט פאַר דער „סאָציאַליסטישער געפאַהר". דער רעזולטאַט איז געוועזען, אַז ניט נור האָט די סאָציאַליסטישע פאַרטיי פאַרלאָרען אַכט פון די צעהן פּלעצער, וואָס זי האָט געהאַלטען אין דער ניו־יאָרקער אַסעמבלי, נאָר אויך מאיר לאָנדאָן, פאַר צוויי טערמינען דער פאָרשטעהער פון דער איסט סייד אין וואַשינגטאָן און דער איינציגער סאָציאַליסטישער קאָנגרעסמאַן, איז דורכגעפאַלען ביי די וואַהלען. לאָנדאָן איז דורכגעפאַלען מיט אַן ערך פון זיבען הונדערט און פופציג שטימען. עס איז קיין ספק ניט, אַז אויב ביי די וואַהלען אין ניו יאָרק זאָלען ניט געווען געברויכט ווערען עכטע טעמעני האָל מעטאָדען, וואָלט קאָנגרעסמאַן לאָנדאָן אויך דעם מאָל וויעדערערוועהלט געוואָרען, ניט אַכטענדיג אויף דעם, וואָס געגען איהם איז געווען נור איין קאַנדידאַט. עטליכע עלעקשאָן בעאַמטע פון דעם 12טען קאָנגרעס דיסטריקט (אין לאָנדאָן'ס דיסטריקט) אין ניו יאָרק זיינען ארעסטירט אויף פאַרשיעדענע קלאַגען אין צוזאַמענהאַנג מיט די וואַהלען.

אַ געוויסע ווירקונג אויף לאָנדאָן'ס דורכפאַל האָט אויך געהאַט דעם סאָציאַליסטישען קאָנגרעסמאַן'ס שטעלונג צו דער מלחמה, וועלכע אַנדערע וועהלער האָבען באַטראַכט אַלס ניט גענוג סאָציאַליסטיש. די סאָציאַליסטישע פאַרטיי איז אָבער ניט געבליבען אָהן אַ פאָרשטעהער אין קאָנגרעס. וויקטאָר בערגער, וועלכער איז געוועזען דער ערשטער סאָציאַליסטישער קאָנגרעסמאַן אין אַמעריקאַ (ערוועהלט אין 1910) איז לעצטען נאָוועמבער וויעדערערוועהלט געוואָרען צום קאָנגרעס פון מילוואָקי. ניט נור אין ניו יאָרק, נאָר אויך אין אַנדערע שטעדט, האָט די סאָציאַליסטישע פאַרטיי פאַרלאָרען ביי די לעצטע וואַהלען פּלעצער, וועלכע זיינען געהאַלטען געוואָרען פון סאָציאַליסטען.

אין אַלגעמיין גענומען איז די צאָהל שטימען, וועלכע זיינען אָפּגעגעבען געוואָרען פאַר די סאָציאַליסטישע קאַנדידאַטען אין דעם פאַרגאַנגענעם יאָהר, געווען וועניגער ווי אין די וואַהלען פון דעם יאָהר 1917, כאָטש פיעל מעהרער ווי אין די וואַהלען פון 1916.

נעמענדיג אין אנבאַטראַכט די שטערונגען, וואָס די פאַרטיי האָט געהאַט אין דעם אָנפיהרען פון דעם קאַמפּיין, די שרעקליכע אַטאַקעס פון דער גאַנצער אַמעריקאַנער פּרעסע געגען דעם סאָציאַליזם און די סאָציאַליסטישע פיהרער, דעם האָגעל פון בלבולים און ווילדע מעשות, וואָס איז פאַרשפּרייט געוואָרען וועגען דער סאָציאַליסטישער טעטיגקייט אין אַמעריקאַ און אין אַנדערע לענדער, מוז מען זיין צופריעדען מיט די רעזולטאַטען פאַר דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי פון די לעצטע וואַהלען.

בעצם גענומען מוז מען דענקען, אַז די צאָהל אנהענגער פונ'ם סאָציאַליזם אין אַמעריקאַ איז דעם לעצטען יאָהר שטאַרק געשטיגען. פריהערדיגע יאָהרען פלעגען פיעלע טויזענדע מענשען שטימען פאַר די סאָציאַליסטישע קאַנדידאַטען ניט דערפאַר, וואָס זיי האָבען פאַרשטאַנען און אויפריכטיג אָנגענומען דעם סאָציאַליסטישען אידעאַל, נאָר דערפאַר, וואָס די צוויי גרויסע קאַפּיטאַליסטישע פאַרטייען אין אַמעריקאַ זיינען צו רעאַקציאָנער פאַר זיי און קיין אמת פּראָגרעסיווע בורזשואַזע פאַרטיי איז דאָ ניטאָ. מען האָט באַדאַרפט ערוואַרטען, אַז ווען עס וועט קומען אַ צייט ווען פון די וואַהלען וועט אָפּהענגען די פּראַקטישע לעזונג פון אַ וויכטיגער און פונדאַמענטאַלער

שמאַכטע, פאַרהונגערטע, פאַגראָמירטע און געשענדעטע... און העלפט מיט וויפיעל איהר קענט.

פראַגע, היימישע אָדער אינטערנאַציאָנאַלע, וואו עס קענען זיין נור צוויי שטאַנדפונקטען: דער קאַפּיטאַליסטישער און סאָציאַליסטישער, וועלען אָט די אַלע נאָכשלעפּער פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג זיך שטעלען אויף דעם צד פון זייערע אמת'ע גענאָסען, פון די יעניגע, פאַר וועמען די קאַפּיטאַליסטישע אָרדנונג איז אַ ברכה אויף דער וועלט. די אינטערנאַציאָנאַלע לאַגע, דאָס וואָס דער סאָציאַליזם איז געוואָרען אַ טאָג־פראַגע אין די מעהרסטע לענדער אין איירָאָפּא, פאַר די לעצטע פאָר יאָהר, איז געווען דער פּראָבע־שטיין פאַר דעם דעמאָקראַטיזם פון אָט די כלומר'שטע סאָציאַליסטען. זיי האָבען געמוזט אָפען ערקלעהרען מיט וועמען זיי שטעהען. זיי האָבען עס געטון, און מיט דעם האָבען זיי באַפרייט די סאָציאַליסטישע באַוועגונג פון איהרע געפעהרליכסטע, אינערליכע שונאים און צושטערער. צווישען די דאָזיגע זיינען געווען מענשען, וועלכע האָבען פיעלע יאָהרען געשפּיעלט אַן אָנפיהרענדע ראָלע אין דער אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. דאָס האָט נאָך אַמאָל באַוויזען ווי פאָרזיכטיג דער ארבייטער־קלאַס דאַרף זיין ווען ער פאַרלאָזט זיך אויף דער בורזשואזער אינטעליגענץ צו שפּיעלען די ראָלע פון זיינע פיהרער.

דער אַלטער סאָציאַליסטישער קעמפער, דער קויהלען־שאַרער יודזשין דעבס, איז לעצטען סעפּטעמבער אין קליוולאַנד פאַר'משפט געוואָרען צו צעהן יאָהר געפענגניש פאַר אַ רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטען לעצטען מאַי אין דעיטאָן, אָהייאָ, אין וועלכער ער האָט ערקלעהרט, אַז ער בלייבט געטריי די אמת'ע אידעאַלען פון דעם ארבייטער־קלאַס. אַן עהנליכען פּסק האָט באַקומען ראָוז פאַסטאָר סטאָוקס. פאַר אַ בריעף, וואָס זי האָט געשיקט צו אַ צייטונג אין קענזעס סיטי, איז זי לעצטען יולי פאַר'משפט געוואָרען צו צעהן יאָהר געפענגניש און צו באַצאָהלען צעהן טויזענד דאָלאַר שטראָף.

פיעלע אַנדערע סאָציאַליסטישע פיהרער, וועלכע זיינען געבליבען טריי זייערע אידעאַלען, זיינען דורך דעם לעצטען יאָהר אַרעסטירט געוואָרען פאַר פרעדיגען אָפען זייערע אידעען, צווישען זיי וויקטאָר בערגער און פינף אַנדערע מיטגליעדער פון דער פאַרטיי עקזעקוטיווע, צווישען זיי דער עקזעקוטיוו סעקרעטער פון דער פאַרטיי.

דעם פינפטען מאַי 1918 האָט די סאָציאַליסטישע פאַרטיי איבער'ן גאַנצען לאַנד געפייערט דעם הונדערט יעהריגען יובילעאום פון דעם גרינדער פון דעם וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם קאַרל מאַרקס.

די „ניו יאָרק קאָלל“, די ערשטע ענגלישע סאָציאַליסטישע טעגליכע צייטונג אין אַמעריקאַ, האָט לעצטען סעפּטעמבער געפייערט איהר צעהן־יעהריגען יובילעאום. די געשיכטע פון דער „קאָלל“ איז אַ לאַנגער צעטעל פון שווערען קאַמף און אָנשטרענגונגען פון דער באַוואוסטזיניגער ארבייטער־באַוועגונג אין אַמעריקאַ צו שאַפען אַ קאַמפּס־אָרגאַן פאַר'ן סאָציאַליזם. די אידישע ארבייטער פון ניו יאָרק און פון דעם גאַנצען לאַנד האָבען דאָס רעכט צו שטאָלצירען מיט דעם, וואָס אינ'ם גרעסטען טייל איז עס נור אַ דאַנק צו זייער אונענדליכער אַרבייט, וואָס די עקזיסטענץ פון דער „קאָלל“ איז יעצט געזיכערט, כאָטש די צייטונג נויטיגט זיך נאָך אַלץ אין שטיצע. פאַר די לעצטע עטליכע יאָהר, ווען דער סאָציאַליסטישער קאַמף איז אַזוי פאַרשאַרפט געוואָרען, איז די „קאָלל“ אימער געבליבען די אמת'ע אויסדריקערין פון די אידעאַלען פון דעם ארבייטער־קלאַס אין אַמעריקאַ.

זעהר פיעל האָט אויך פאַר דעם יאָהר געליטען פון דער אַלגעמיינער לאַגע דער „מילוואָקי ליעדער“, די טעגליכע סאָציאַליסיטישע צייטונג פון דער וועסט. אויסער אַלע אַנדערע זאַכען, איז אויף יענער צייטונג לעצטען זומער געמאַכט געוואָרען אַ פּשוט'ער פּאָגראָם: די מילוואָקיער דעפּאַרטמענט סטאָרס האָבען אָפּגעצויגען זייערע אַדווערטייזמענטס דורך פאַרשיעדענע מיטלען. דאָך לעבט די צייטונג און טוט גוטע סאָציאַליסטישע אַרבייט. און זי וועט לעבען.

די וועכענטליכע צייטונג פון דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי, „דהי אַי אָפּענער“, וועלכע געהט אַרויס אין שיקאַגאָ, קען ניט געשיקט ווערען צו פאַרטיי־מיטגליעדער און קען ניט אָנהאַלטען קיינע פאַרבינדונגען מיט דער אויסערער וועלט דורך די געוועהנליכע מיטלען און איז דורך דעם אין אַ שלעכטער לאַגע. עס איז אָבער קיין ספק ניט, אַז ניט קוקענדיג אויף דעם, וועט דער פאַרטיי־אָרגאַן ניט אויפהערען צו ערשיינען.

די סאָציאַליסטישע פּרעסע אין אַלגעמיין האָט פאַר דעם לעצטען יאָהר זעהר פיעל געליטען. דער יקרות אויף פּאַפּיער און די געזעצליכע באַגרענעצונגען האָבען פיעלע סאָציאַליסטישע אויסגאַבען איינגאַנצען דערשטיקט. אָבער דער פאַרקויף פון דער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור בכלל פאַר דעם לעצטען יאָהר איז געווען גרעסער, ווי ווען עס איז פריהער דאָ אין לאַנד.

די אַלגעמיינע לאַגע אין לאַנד, וועלכע האָט געווירקט אויף דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג בכלל, האָט אויך נאַטירליך געהאַט איהר ווירקונג אויף דער טעטיגקייט פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע. די צאָהל מיטגליעדער און ברענטשעס פון דער פעדעראַציע זיינען פאַר דעם יאָהר גרעסער געוואָרען. דער וועכענטליכער אָרגאַן פון דער פעדעראַציע, די „נייע וועלט“, וועלכע איז יעצט ווידער אונטער דער רעדאַקציע פון גענאָסע י. ב. סאַלוצקי, איז פאַר דער צייט פיעל פאַרבעסערט געוואָרען און די צאָהל לעזער פון דער צייטונג איז געשטיגען, ניט קוקענדיג אויף די זעהר פיעלע שוועריגקייטען.

די אידישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציע האָט דורך דעם לעצטען יאָהר אָרגאַניזירט רעדנער־טורען און אָנגעהאַלטען פאַרטיי־אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבייט אפילו אין אַזעלכע שטאַאטען, וואו די סאָציאַליסטישע באַוועגונג האָט די לעצטע פאָר יאָהר אַם מעהרסטען געליטען. די פעדעראַציע האָט אויך בייגעשטייערט פאַרהעלטניסמעסיג מעהר ווי וועלכער עס איז אַנדער טייל פון דער פאַרטיי צום מיליאָן דאָלאַר קאַמפּיין פאָנד, וואָס איז געזאַמעלט געוואָרען דורך דער צייט פון דעם לעצטען עלעקשאַן־קאַמפּיין.

לעצטען יאָהר האָט זיך אויך שטאַרק געמערקט דער איינפלוס פון דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי אויף דער אַמעריקאַנער ערנסטער אינטעליגענץ. פיעלע אינטעליגענטע כחות זיינען צוגעשטאַנען צו דער פאַרטיי. די טעטיגקייט פון דער סאָציאַליסטישער רענד סקוהל, דעם פאָלקס אוניווערסיטעט פאַר סאָציאַליסטישע וויסענשאַפט, האָט זיך דורכ'ן יאָהר זעהר פיעל פאַרגרעסערט. די סקוהל איז געוואָרען אַ ווירקליכער צענטער פאַר דער ארבייטער אינטעליגענץ פון אַמעריקאַ.

די באַוועגונג צווישען די יוניאָנס פון דער אַמעריקען פעדערייזשאַן אָוו לייבאָר צו גרינדען אַ פּאָליטישע ארבייטער־פאַרטיי איז אָהן צווייפעל אַרויסגערופען פון דעם פאַרגרעסערטען איינפלוס פון דער ס. פּ. אויף די עקאָנאָמיש־אָרגאַניזירטע ארבייטער. זיי דערפיהלען ענדליך, אַז די קאַפּיטאַליסטישע פאַרטייען קענען זיי קיינמאָל ניט פאַרטרעטען און מוזען האָבען אַן אייגענע פאַרטיי פון די ארבייטער און אויסשליסליך פאַר די ארבייטער.

בכלל גענומען דאַרף מען באַטראַכטען דעם יאָהר 1918 אַלס דעם פּראָבע־יאָהר פאַר דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין אַמעריקאַ. די באַוואוסטזיניגע ארבייטערשאַפט האָט די פּראָבע גלענצענד אויסגעהאַלטען. די סאָציאַליסטישע באַוואוסטזיניגקייט צווישען דער מיטגילעדערשאַפט פון דער פאַרטיי גופא איז דורכ'ן יאָהר שטאַרק אויסגעוואַקסען. די פאַרטיי אַלס אַ גאַנצע איז גרייט צו שפּיעלען די וויכטיגע פּראַקטישע ראָלע אין דעם לעבען פון דער אַמעריקאַנער נאַציאָן, וואָס וועט אין דער נאָהענטער צוקונפט זיכער איהר איינגעטיילט ווערען. דער בונד פון דעם אַמעריקאַנער סאָציאַליזם מיט דער אינטערנאַציאָנאַלער באַוועגונג איז פאַר'ן יאָהר פיעל פאַרשטאַרקט געוואָרען, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס די פיהרער פון דער היגער באַוועגונג האָבען ניט געהאַט די מעגליכקייט צו באַגעגענען זיך פּנים אל פּנים מיט די ארבייטער־פיהרער אין איירָאָפּא.

קיינע נאַציאָנאַלע גרענעצען, קיינע ימים און אָקעאַנען זיינען ניט און וועלען ניט זיין קיין אָפּהאַלט פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון דעם אידעאַל וועגען דער באַפרייאונג פון דעם ארבייטער־קלאַס. די וועלט איז אויפ'ן שוועל פון איהר באַפרייאונג, און אַמעריקאַ איז יעצט מעהר אַ טייל פון דער איבעריגער וועלט, ווי זי איז געווען ווען עס איז ביז יעצט.

# די אידישע יוניאָנס אין יאָהר 1918

(אָנגעוואָרפענע שטריכען)

פון ה. לאַנג

א שווערער יאָהר איז געווען דער יאָהר 1918 פאַר דער אידישער טרייד יוניאָן באַוועגונג — שווער און דריקענד.

עפּעס א וואַקעלדיגקייט האָט זיך געפיהלט אין יעדער ארויסטרעטונג. שאָטענס פון שרעק און יאוש האָבען אָנגעפילט אַלע ווינקעלעך. וואו אין פריהערדיגע יאָהרען עס האָבען געשטראָמט קוואַלען פון ענטשלאָסענהייט, געוואַגטקייט און ענטוזיאַזם, האָט דאָרטען אין דעם ערשט פאַרשוואונדענעם יאָהר געקעניגט א מין פאַרגליווערטקייט.

געווים איז געווען שולדיג אין דעם די אַלגעמיינע לאַגע אין לאַנד. די געדריקטע שטימונג, וואָס די מלחמה האָט ארויס־גערופען, האָט זיך געלעגט אויף אונזערע אימיגראַנטען קוואַר־טאַלען מעהר ווי וואו עס איז און דאָס נאַטירליך האָט אַפּגע־שלאָגען יעדער פאַרזוך זיך ארויסצוהויבען פון דער פאַרגלי־ווערטקייט.

און עס איז טאַקי געווען צו מערקען, אַז אין דער צייט, וואָס די גוי'אישע יוניאָנס האָבען דורך דער פּראָספּעריטי און ליבעראַלע שטעלונג פון דער רעגיערונג זיך גוט ארויפגעארבייט און שטאַרק פאַרפעסטיגט זייערע פּאָזיציעס, זיינען די אידישע יוניאָנס אין א געוויסער מאָס געוואָרען אָפּגעשוואַכט. זיי האָבען פיעל פאַרלאָרען פון זייער גלאַנץ, וואָס האָט אַזוי העל געלויכטען אין די פריהערדיגע יאָהרען.

די אידישע ארבייטער פון די מלחמה אינדוסטריען האָבען לעצטען יאָהר גוט פאַרדיענט. די שניידער פון מיליטערישע קליידער, אָדער די קעפּ מייקערס פון מיליטערישע היטלען, האָבען געמאַכט גרויסע ווייַדזשעס. די יוניאָנס זייערע האָבען זיך אויך ניט וואָס צו קלאָגען אויף דער באַהאַנדלונג, וואָס זיי האָבען געקראָגען פון די פאַרשיעדענע רעגיערונגס־אייַדזשענ־סיס, וואָס האָבען געהאַט צו רעגולירען די באַציהונגען צווישען ארבייטסגעבער און ארבייטער. דאָך זיינען די אידישע יוניאָנס ניט געווען אין אַזאַ גליקליכער לאַגע, ווי עס זיינען געווען זייערע שוועסטער אָרגאַניזאַציעס פון די זאָגענאַנטע גוי'אישע טריידס.

אידישע יוניאָן־פיהרער זיינען ניט געקומען צו דעם „וואָר לייבאָר באָארד", צום ביישפּיעל, מיט אַזאַ שטאָלץ און אויפּ־געהויבענקייט, ווי עס זיינען געקומען גוי'אישע ארבייטער־פיהרער. אפשר איז שולדיג אין דעם די אַלטע אידישע שרע־קעדיגקייט; און אפשר איז דאָס געווען דערפאַר, ווייל די שונאים פון דער אידישער ארבייטער־באַוועגונג, טאַקי היימישע מוסרים, האָבען שוין געזאָרגט פאַר דעם, אַז אידישע ארביי־טער־פיהרער זאָלען פיהלען אויף זיך פיינדליכע בליקען; — וואָס די אורזאַכע איז ניט געווען, דער פאַקט בלייבט, אַז די אידישע יוניאָנס האָבען זיך דערזעהן ארומגערינגעלט פון אומ־שטענדען, וואָס זיינען געגען זייער געוועהנליכער ריהרעוודיג־קייט און שטרעבען אַלץ טיעפער אריינצודרינגען אין דעם לע־בען פון די אינדוסטריען, וועלכע זיי פאַרטרעטען.

עס מוז אָבער אונטערגעשטראָכען ווערען, אַז טאַקי אין דיע־זען שווערען יאָהר האָבען די אידישע יוניאָנס ארויסגעוויזען, אַז וואָס פאַר א שטורעמדיגע ווינטען עס זאָלען זיך ניט אָנ־טראָגען, קענען זיי די שטורעמס אויסהאַלטען. דריקענד ווי די לאַגע איז געווען, האָבען די אידישע יוניאָנס דאָך זיך ניט פאַרלאָרען. זיי האָבען אין דעם יאָהר ניט געמאַכט קיין גרויסע שפּרייזען פאָרווערטס; זיי האָבען אָבער אויפגעהאַלטען זייער גאַנצקייט. און וואָס שעהנער, זיי זיינען ניט אָפּגעטראָטען פון זייערע טראַדיציעס. זיי האָבען אויפגעהאַלטען דעם באַ־זונדערען ראַדיקאַלען חן, וואָס ספּעציאַליזירט אַזוי די אידישע טרייד יוניאָן באַוועגונג. און יאָהרען שפּעטער, ווען מען וועט זיך פאַרטראַכטען וועגען די שווערע מאָמענטען פון יאָהר 1918 אין דער אידישער ארבייטער וועלט, וועט מען אויף דעם אָנ־ווייזען אַלס א ליכטיגען צייכען און יעדע ארבייטער הארץ וועט זיך מיט דעם קוויקען.

דער פּלאַץ ערלויבט ניט זיך אָפּצושטעלען דאָ אויף די באַזונדערע געשעהענישען. פון גרויסער באַדייטונג איז אָבער געווען דער ערפאָלגרייך־דורכגעפיהרטער קאַמף פון די קליוור־לענדער קלאָוקמאַכער, וואו די אינטערנעשיאָנאַל לײדיעס גאַר־מענט וואָירקערס יוניאָן האָט ארויסגעוויזען א באַזונדערע שטאַנדהאַפטיגקייט און דאָס דאַרף פאַרצייכענט ווערען.

די שטאָדט קליוולאַנד איז פאַר דער לײדיעס גאַרמענט וואָירקערס אָרגאַניזאַציאָן שטענדיג געווען דעם שונא'ס צענ־טער. יאָהרען לאַנג האָט מען געשטרעבט צו זעהן די קליוור־לאַנדער קלאָוקמאַכער אָרגאַניזירט. דאָס איז געווען דער חלום פון א גאַנצען דור פרויען־קליידער ארבייטער. און דער גורל איז געפאַלען, אַז גראָד אין יאָהר 1918 זאָל דער חלום ווערען א ווירקליכקייט. אַזוי איז דאָס אויך געווען מיט דעם ער־פאָלגרייכען אָרגאַניזאַציאָנס־קאַמפּיין פון די אַמאַלגאַמייטעד קלאָדינג וואָירקערס אין ראָטשעסטער.

טיעף איינגעקריצט אין די בלעטער פון דער אידישער טרייד יוניאָן געשיכטע וועלען אָבער ווערען די לעצטע חדשים פון יאָהר 1918. א רוישיגע באַוועגונג פאַר אַן אמת'ען 8־שטונ־דיגען ארבייטסטאָג — 44 שטונדען א וואָך — האָט זיך אין דיעזע חדשים פונאַנדערגעגאָסען און די שטראָמען איהרע נעה־מען ארום כמעט יעדען טרייד, וואו דאָס רוב אידישע ארביי־טער ווערען באַשעפטיגט.

אין דער מענער־קליידער אינדוסטריע איז דער קאַמף פאַר דעם שוין אַן אָפענער. פריהער האָט דאָס געבראַכט צו א לאָקאַוט און עטליכע צעהנדליג טויזענד ארבייטער זיינען ארויס־געוואָרפען געוואָרען פון די שעפּער. די יוניאָן, די אַמאַלגאַמיי־טעד, האָט אויף דעם געענטפערט מיט א געגען־קאַמף, מיט א סטרייק, און ווען די שורות ווערען געשריבען, איז דער קאַמף אין רעכטען פלאַקער.

גרויסע שלאַכטען פאַר 44־שטונדיגע ארבייטס־וואָך ווערען אויך ערוואַרטעט אין עטליכע טריידס פון דער פרויען־קליידער אינדוסטרי, וואָס וועלען ארומנעהמען עטליכע צעהנדליג טויזענד מיידלאַך. און אויב אפילו די שלאַכטען וועלען ערשט פאַר־קומען אין דעם איצט נײַ־אָנקומענדען יאָהר, זיינען זיי נאָך אָבער סטימולירט געוואָרען אין 1918.

אין קעמפע זיינען אויך פאַרוויקעלט געוואָרען אַנדערע טריידס, וואו אידישע ארבייטער זיינען באַשעפטיגט — אין די טריידס פון דער בוי־אינדוסטריע און מעטאַל־אינדוסטריע.

דער יאָהר 1918 פאַרשווינדט אַלזאָ איבערלאָזענדיג א ירושה פאַר דעם יאָהר 1919 — א ירושה, צו רעאַליזירען אין די אידישע טריידס דעם הייס־געגאַרטען חלום פון דעם וועלט־פּראָלעטאַריאַט — אַן אמת'ען 8־שטונדיגען ארבייטסטאָג.

דיקע טינט־שוואַרצע שאָטענס האָבען די ערשטע חדשים פון יאָהר 1918 אָנגעוואָרפען אויף די אידישע יוניאָנס; די לעצטע חדשים האָבען זיי אָבער פונאַנדערגעטריבען און עס מערקט זיך שוין אַן אָנקומענדער זונען־שיין.

לאָמיר האָפען, אַז ווען די קירכען־גלאָקען וועלען אָנזאָגען, אַז דער יאָהר 1919 האָט שוין אָנגעפאַנגען צו שטעלען זיינע ערשטע טריט, וועט א גאָלדענע זון מיט א לאַשטשענדען שמיי־כעל אָנצייכענען זיין וועג.

# די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג אין 1918

פון ה. גראַף

די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג אין דעם נאָר וואָס פאַרגאַנגענעם יאָהר 1918 איז געווען עפּעס מעהר ווי אַ יאָהר פון דעמאָנסטראַציאָן פאַר דעם קאָאָפּעראַטיווען געדאַנק. עס איז אויך געווען אַ פרוכטבאַרער יאָהר פון פּראַקטישע רעזולטאַטען און ערפאָלגען, אַן אינטערעסאַנטער יאָהר פאַר יעדען איינעם, וואָס קוקט אויף די קאָאָפּעראַטיווען אַלס די שולע, וואו דער מענש קען לערנען די מעטאָדען פון דער צוקינפטיגער קאָאָפּעראַטיווער געזעלשאַפט.

„פאַנטאַסטישע חלומות אין דער רעאַלער ווירקליכקייט", אַזוי קען מען באַצייכענען דעם גרויסען פּראָגרעס, וואָס די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג האָט באַוויזען אין יעדען לאַנד.

אין 1844 האָבען 28 אָרימע וועבערס אין ראָטשדייל, ענגלאַנד, געגרינדעט אַ קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט, וועלכע האָט געעפענט אַ סטאָר מיט בלויז פיער אַרטיקלען צו פאַרקויפען צו די מעמבערס. די סטאָר פלעגט מען האַלטען אָפען בלויז עטליכע שטונדען אין אָווענד. קליין און לעכערליך האָט דאַן אויסגעזעהן די השגה פון די אָרימע 28 וועבער... אָבער היינט זעהען מיר, אַז פון יענעם קליינעם בוימעלע איז אויסגעוואַקסען אַ גרויסער שעהנער וואַלד, וואָס באַשיצט און גיט לעבען צו מיליאָנען אַרבייטער אין ענגלאַנד. אַ גאַנצע דריטעל פון איהר באַפעלקערונג זיינען פאַרבונדען אין קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען.

די לעצטע ציפערען ציינגען, אַז די קאָאָפּעראַטיווען האָבען פונאַנדערגעטיילט פאַר דעם לעצטען יאָהר אַריבער אַ ביליאָן דאָלאַר סחורות צו זייערע מיטגליעדער. דער „פּראָפיט" האָט באַטראָפען אַריבער 100 מיליאָן פאַר דעם יאָהר. פון דעם האָבען די מעמבערס צוריקגעקריגען 65 מיליאָן דאָלאַר אין קעש, אין דער פאָרמע פון „דיווידענד", און דאָס איבעריגע איז געגאַנגען אין רעזערוו, צו פאַרגרעסערען די טעטיגקייט, און פאַרשפּרייטען דעם קאָאָפּעראַטיווען געדאַנק צווישען די ברייטע מאַסען. די 1200 קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען קויפען זייער סחורה פון אַ „האָלסייל" קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט, וואָס באַלאַנגט צו זיי אַליין. זיי האָבען 14 גרויסע פעקטאָרים. די גרעסטע 8 פאַבריקען אין גרויס־בריטאַניען באַלאַנגען צו די קאָאָפּעראַטיווען. זיי זיינען די גרעסטע קויפער פון ווייץ אין דער גאַנצער וועלט. די קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי אין גלאַזגאָו איז פאַררעכענט אַלס די גרעסטע אין דער גאַנצער וועלט. זיי באַשעפטיגען אַריבער 200 טויזענד מענשען אין אַלע זייערע אונטערנעמונגען, וועלכע באַזאָרגען מיט אַלעם נויטיגען זייערע 15 מיליאָן מעמבערס.

דייטשלאַנד, פראַנקרייך און איטאַליען האָבען נאָך מעהר קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען ווי ענגלאַנד. רוסלאַנד איז געווען זעהר שוואַך פאַר דער מלחמה. אָבער זינט נאָך דער רעוואָלוציאָן האָט רוסלאַנד די גרעסטע קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג אין דער גאַנצער וועלט. 50 טויזענד קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען עקזיסטירען אין רוסלאַנד. די מעמבערס מיט זייערע פאַמיליען ווערען גערעכענט ביז 75 מיליאָן — אונגעפעהר אַ העלפט פון דער גאַנצער רוסישער באַפעלקערונג. די קאָאָפּעראַטיווע פאָלקסבאַנק אין מאָסקווע האָט פאַר דעם לעצטען יאָהר געטאָן ביזנעס אויף אַריבער 3 ביליאָן רובעל. דיעזע באַנק טוט קיינע ביזנעס מיט פּריוואַטע אונטערנעמונגען, זי איז דער חוט השדרה פון אַלע קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען, זי העלפט זיי אַרויס מיט קאַפּיטאַל, און אונטערנעמט אַליין אויך קאָאָפּעראַטיווע אַרבייט.

אין איטאַליען האָט פּאַסירט עטוואָס, וואָס אין קיין אַנדער לאַנד האָט ביז יעצט ניט פּאַסירט. די רעגיערונג אַליין האָט זיך גענומען צו גרינדען קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען אונטער דער אויפזיכט פון פאַרשיעדענע אָרגאַניזאַציאָנען, ווי צ. ב. ש. די באַהן־אָנגעשטעלטע, אַרבייטער יוניאָנס, רעגיערונגס־אָנגעשטעלטע, ציטונגס־לייטע און אַנדערע עהנליכע אָרגאַניזאַציאָנען, זיינען געגרינדעט געוואָרען קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען, וואָס וועלען באַזאָרגען מיט פאַרשיעדענע פּראָדוקטען אַרום 350 טויזענד פאַמיליען, וואָס דאָס מיינט פאַר אַ מיליאָן און אַ האַלב נפשות.

דיעזע קאָאָפּעראַטיווען וועלען פאַר קיין פאַל ניט שטערען און ניט קומען אין וועלכען עס איז צוזאַמענשטויס מיט די שוין עקזיסטירענדע קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען. פאַרקעהרט, דאָס וועט נאָך זיין די גרעסטע ערמוטיגונג פאַר דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג, ניט נאָר אין איטאַליען, נאָר אויך גאַנץ ווייט אַריבער איהרע גרענעצען. און עס קען ניט בלייבען אָהן וועלכע עס איז ווירקונג אויף די רעגיערונגען פון אַנדערע לענדער.

עס ווערט ערוואַרטעט, אַז די נייע קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעהמונגען וועלען אָהן צווייפעל שפּאָרען פון 5 ביז 8 פּראָצענט צו אַלע זייערע מיטגליעדער. מען דאַרף אויך נעמען אין אַנבאַטראַכט, אַז די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג אין איטאַליען האָט געמאַכט גרויס פאָרטשריט פאַר די לעצטע עטליכע יאָהר, אום צו פאַרשטעהן די נייע פּאָליסי פון דער איטאַליענישער רעגירונג.

די מלחמה האָט פאַרוואַנדעלט אין רואינען בעלגיען און אַ גרויסע טייל פון פראַנקרייך. דאָך, טראָץ די חורבות, איז די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג דאָך ניט פאַרקלענערט געוואָרען, נאָר, פאַרקעהרט, זי איז נאָך געוואַקסען. דער „אינטערנאַציאָנאַלער קאָאָפּעראַטיווער מאָנאַטליכער בולעטין" גיט זעהר אינטערעסאַנטע פאַקטען וועגען דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג אין יענע לענדער. דער פּלאַץ פאַר דיעזען אַרטיקעל איז אָבער זעהר באַשרענקט, און מיר ווילען נאָך אַרויסברענגען איינינגע פאַקטען וועגען אונזער לאַנד, די פאַראייניגטע שטאַאַטען פון אַמעריקאַ.

אין דעם וואוקס פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג אין אַמעריקאַ וועט דער יאָהר 1918 זיין פאַררעכענט אַלס אַ היסטאָרישער. דער כאַראַקטער־שטריך פון דעם אַמעריקאַנער איז פאַר פיעלע יאָהרען געווען אַ גרויסע שטערונג פאַר דער ענטוויקלונג פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג. ער איז צו־אינדיווידואַליסטיש, און באַוועגט ער זיך אין וועלכער עס איז באַוועגונג, געהט ער דאָך ניט אַוועק צו ווייט פון זיינע דלד אמות. ער באַלאַנגט צו אַ יוניאָן צו קעמפען געגען דעם גרויסען אַפּעטיט פון דעם קאַפּיטאַליסט, שטימט פון דעסטוועגען פאַר דעם קאַפּיטאַליסט'ס קאַנדידאַטען אין צייט פון עלעקשאַן. באַלאַנגט ער שוין יאָ צו אַ יוניאָן, וועט ער אונטערשטיצען זיין ספּעציעלען טרייד און לאָקאַל. קומט עס אָבער צו אַן אַנדער טרייד, אָדער לאָקאַל, וויל ער שוין יענעם ניט קענען. מיט די קאָאָפּעראַטיווען איז געווען דאָס זעלבע. האָט זיך וואו ניט וואו געגרינדעט און איינגעגעבען אַ קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט, האָט מען פון אַנדערע עהנליכע געזעלשאַפטען ניט געוואָלט וויסען. דער סוף איז געווען, אַז אין איין פּלאַץ איז איינע אונטערגעגאַנגען, און אין אַ צווייטען האָט זיך איינע געגרינדעט א. אַ. וו. קאָאָפּעראַטיווען אַלס אַ

שטעהט נישט פון דערווייטענס אין דעם יעצטיגען מיטגליעדערשאַפט - קאַמפּיין, אויב איהר

באוועגונג האט ניט עקזיסטירט. פאר די לעצטע עטליכע יאהר האט זיך די לאגע אבער געענדערט צום גוטען.

די קאנווענשאן אין ספרינגפיעלד, איל., וואס איז אפגע־האלטען געווארען אין סעפטעמבער 1918, איז שוין געווען דער אויסדרוק פון די קאאפעראטיווען אלס באוועגונג. עט־ליכע „האלסיילס" זיינען שוין געגרינדעט געווארען, און אז טרייד יוניאנס זאלען שיקען פארטרעטער צו א קאאפעראטיווע קאנווענשאן, דאס איז שוין עפעס מעהר ווי מען האט ער־ווארטעט. אמת, א גאנצע רייהע קאאפעראטיווע ערפאלגען אין פיעלע פלעצער האט געגעבען אביסעלע „קרעדיט" דער קא־אפעראטיווער באוועגונג, און פיליכט איז דאס צו פארדאנקען געוויסערמאסען די געענדערטע שטימונג פאר קאאפעראציאן. אבער, ווי די זאך זאל ניט זיין, די קאאפעראטיווע באוועגונג קומט צום לעבען, און וועט ברענגען גרויסע ענדערונגען אין אונזער לעבען אין דער גאנץ נאהענטער צוקונפט.

אין קאליפארניא האבען זיך פאראייניגט פאר געוויסע טע־טינקייט די „פארמערס יוניאן", די „טרייד יוניאנס" און די „פאסיפישע קאאפעראטיווע ליעג", אום צו העלפען זיך איינע די צווייטע אין זייערע קעמפע געגען קאפיטאל.

די אמעריקאן פעדערייטאן אוו לייבאר האט געגרינדעט א ספעציעלען דעפארטמענט, אויף צו העלפען און ער־מוטיגען קאאפעראטיווע אונטערנעמונגען צווישען איהרע מעמ־בערס. דיזער פאקט איז א גאנץ ערפרעהענדער פאר קאא־פעריטארס.

אויף דער ספרינגפיעלד קאנווענשאן זיינען פאראייניגט געווארען זעקס גרויסע קאאפעראטיווע „האלסיילס" אין איין גרויסען פארבאנד.

די „קאאפעראטיוו ליעג אוו אמעריקא" האט באריכטעט, אז זעהר פיעל קאאפעראטיווע געזעלשאפטען האבען זיך אן זיי אנגעשלאסען אין דעם יאהר 1918.

די פינישע קאאפעראטיווע געזעלשאפטען אין אמעריקא האבען שוין לאנג באוויזען, אז די קאאפעראטיווע באוועגונג האט דא אויך א גאנץ געזונטען באדען, נישט ערגער ווי אין יעדען לאנד. זייערע באריכטען פון 1918 באשטעטיגען עס נאך אמאל. זייער „האלסייל" איז פאר די לעצטע עטליכע מאנאטען פיעל פארגרעסערט און פארשטארקט געווארען.

אונזערע אידישע קאאפעראטיווע געזעלשאפטען האבען אין 1918 געגרינדעט די „פעדעראציע פון אידישע קאאפע־ראטיווען אין אמריקא", וועלכע גיט ארויס א צוויי־מאנאטליכען זשורנאל „די קאאפעראטיווע וועלט" און האפט צו שאפען א קאאפעראטיווע ליטעראטור אין אידיש. אבער דער עיקר איז, וואס אנשטאט איינציגע צוואוארפענע קאאפעראטיווע געזעל־שאפטען, איז געלעגט געווארען א פונדאמענט פאר א אידישע קאאפעראטיווע באוועגונג.

די ארבייטער רינג ברענטשעס און מעמבערס האבען אין פיעלע שטעדט זיך גענומען צו קאאפעראציאן. זיי העלפען דער קאאפעראטיווער פעדעראציע. דער יאהר 1918 וועט געוויס פארצייכענט ווערען אלס היסטארישער פאר דער קאאפערא־טיווער באוועגונג אין אמעריקא. דער פונדאמענט איז געלעגט געווארען. עס זעהט אויס, אז די קאאפעראטיווע באוועגונג אין אמעריקא וועט מעהר ניט בלייבען הינטערשטעליג געגען אלע אנדערע לענדער און זי וועט ווערען א שטארקער זייל אין דער אלגעמיינער ארבייטער־באוועגונג.

---



# די פיש־יויך

(נאך קרילאוו)

פון נחום י.



— „מיין שכן טייערער, וואס עסט דו אזוי ווייניג!"
— „א דאנק, איך בין שוין זאט."
— „וואס מאכט דאס אויס,
נו, נאך א טעלערעל, הער אויס,
די פישיויך איז געקאכט ווי פאר'ן קעניג."
— „איך האב דריי טעלער שוין געהאט..."
— „וואס איז דאס פאר א רייד!
דו ווילסט — עס אויף די יויך ביז דעק געזונטערהייד.
דו זעה, ווי פעט די יויך איז און ווי העל,
אזוי ווי מיט ברושטין פארצויגען, קלאר און געל.
טו מיר צוליעב, מיין פריינד — און זאל דיר וואויל באקומען.

נעם העכט א שטיקעל, קארפ א שטיקעלע דערצו...
כאטש נאך א לעפעל! פרואוו, מיין ווייב, איהם בעטען צו..."

אזוי האט איינער דאס זיין שכן אויפגענומען
און ניט געגעבען איהם א ווילע רוה.
פון גאסט האט טייכענווייז שוין שוויים גענומען
גיסען —
דאך נאך א טעלער נעמט ער צו.
ער רייניגט אויס דעם טעלער ביז דעם לעצטען ביסען,
כאטש ס'געהען איהם די כחות איבער.
— „אזוי האב איך דיך טאקע ליעב, מיין פריינד,
נאר די, וואס קווענקלען זיך און בעטען, האב איך פיינד.
נעם נאך א טעלערעל, מיין ליעבער..."
און דא מיין גאסט,
וואס האט פון שטענדיג אן נאך פישען יויך געהאסט,
ניט האבענדיג קיין אנדער מיטעל,
געכאפט צוזאמען האט זיין גארטעל און דאס היטעל —
און אהן א זינען קוים אהיים אנטלאפען שנעל...
זייט דאן — טרעט ער ניט איבער מעהר דעם שכנ'ס שוועל.

---

ביזט גליקליך, פריינד, ווען דיין טאלאנט איז גרויס,
נאר אויב דו קענסט ניט שווייגען ווען עס קומט דיר אויס,
און די חברים פיהרסט דו פון געדולד ארויס, —
דאן וויסען זאלסט דו, אז דיין פראזא און די ליעדער
זיין וועלען אלעמען, ווי יענעמס יויך — דערוויעדער...

---

ווילט בלייבען טריי צו די בעסטע טראדיציעס פון אייער ארדען. שליסט אן פאר א מעמבער!

# אונזער פאַרשטעלונג

(א קינדער מעשה'לע)

פון מלכה טוזמאַן

אין דאָרף, וואו מיר האָבען אמאָל געוואוינט, איז קיין שולע ניט געווען, און אז איך מיט מיין שוועסטער זיינען אונטערגעוואקסען, האָבען אונז אונזערע עלטערען אוועקגעשיקט אין שטאָדט זיך לערנען. אויף אזא אופן האָבען מיר אין דאָרף ניט פיעל פארבראכט. נאָר אויף יום־טוב פלעגט מען אונז נעמען אהיים. אין שטאָדט האָבען מיר זיך אָנגעהערט און אָנגעזעהן פון אזוינע זאכען, וואָס מען זעהט ניט אין דאָרף, נאָר פון דעסטוועגען האָבען מיר בעסער ליעב געהאַט דעם דאָרף. ס'איז טאַקי אמת, אין דאָרף טאַנצען ניט קיין מאַלפּעס און קאַטערינקעס שפּיעלען ניט, און ציגיינער קעהרען זיך ניט, און קיין קאַצאַפּעס טראָגען ניט קיין צעבערס מיט קוואַס אויף די קעפּ צו פארקויפען, אָבער דערפאַר האָבען מיר געהאַט א ברייטע, שמעקעדיגע טאָל און אין מיטען א שטילער, שטעהענדיגער וואסער, וואו מיר האָבען געקענט געפינען אלערליי שטיינדלאך און שערבלאך און פארפוילטע שטיקלאך האָלץ, וואָס האָבען געבליצט אין דער פינסטער נאַכדעם ווי מיר האָבען זיי אויסגעטריקענט. אָ, וואָס פאר א טאָל! אז עס קומט אָן דער ליעבער זומער און עס טוען זיך א צובליה די ווײַנשעלבוימער מיט די קליינינקע, ווייסינקע בליהעטלאך און די עפּעל און בארען־בוימער מיט די ג ר ו י ס ע, ווייסע בליהונגס־בלעטער, און אז עס צולאָזען זיך די בעז־בוימעלאך מיט די קוסטעס מיאטע — ווי קומט עס דעמאָלט דער זויערער ריח פון שטאָדטישען קוואַס צו די זיסע ריחות וואָס אונזער טאָל האָט פארמאָגט!

און אין די זומערדיגע פארנאכטען, ווען די זשוקעס מיט די גלאַנציגע פליגלען צולאָזען זיך מיט א פרעהליכען זש־או־או איבער די בליהענדע בוימער און די זשאבעס אין דעם זומפּיגען וואסער צוקראַקען זיך, וועלכע קאַטערינקע האָט זיך דאָס געקענט פארגלייכען צו דעם זשוק און זשאבע קאָנצערט, און וועלכער טאַנץ איז עס געווען שעהנער, ווי אז מיר פלעגען זיך געבען א יאָג נאָכ'ן טאַקט פון פארנאכטיגער מוזיק צו כאַפּען זשוקעס?

כאַפּען זשוקעס איז ביי אונז געווען א גרויסער ספּאָרט, ווייל צווישען אונז קינדער איז אומגעגאַנגען א גלויבען, אז מען באַגראָבט זשוקעס אין דער ערד, וועט מען אין א יאָהר ארום אויסגראָבען גאָלד. און אפילו זיצענדיג אין קלאַס פלעגט זיך צווישען מיר און מיין שוועסטער פארבינדען אזא סאָרט געשפּרעך:

— מלכה, וויפיעל זשוקעס האָסטו באַגראָבען?

— אכטצעהן. און דו?

— איך, זעכצעהן.

ביז דער לעהרער פלעגט אונז דערמאָנען, אז דאָ פליהען ניט קיין זשוקעס, נאָר ווירעס איבער די הענט, ווען מען ווייסט ניט וואָס צו ענטפערען אויף זיינע פראַגען. הכלל, עס איז פאר אונז געווען אן אָפּקומעניש די שטאָדט מיט דער שולע.

אזוי איז אוועק א יאָהר נאָך א יאָהר און מיר זיינען דערווייל געוואָרען דערוואקסענע קינדער. אָבער מיר האָבען זיך ווינציג געקימערט וועגען אונזער עלטער, אונז איז ניט אָנגעגאַנגען דער מאַמעס באמערקונגען, אז מיר דארפען ווערען אביסעל געשטעלטער, און האָבען נאָך אימער געווילדעוועט קומענדיג אהיים.

איינמאָל, שבועות איז דאָס געווען, זיינען מיר אהיים געקומען, ווי אלע מאָל, אראָפּגעוואָרפען די שיך מיט די זאָקען און זיך געלאָזט לויפען איבער דעם ווייכען, גלאַטען גראָז. דער טאַטע מיט דער מאַמען זיינען געשטאַנען אויפ'ן גאַניק און געקוקט. פארביילויפענדיג זיי האָב איך געהערט, ווי דער טאַטע זאָגט צו דער מאַמען: „אונזערע קינדער ווערען גאָר ניט לייטישער אין שטאָדט, נאָך אלץ די זעלבע דאָרף־מיידלאך ווי געווען." מיך האָט זעהר פארדראָסען, וואָס אונזערע עלטערען האָבען אזא שלעכטע מיינונג וועגען אונז, און איבעררייידענדיג מיט מיין שוועסטער, האָבען מיר באַשלאָסען זיי ווייזען וואָס מיר קענען. נאָך פיעל קלערען און טראַכטען האָבען מיר אָפּגעמאַכט צו שפּיעלען טעאַטער. מיר האָבען גראָדע געהאַט א לייכטע שטיק אונטער'ן האַנד, וואָס איז געווען ווי צוגעפּאַסט צו דעם געשמאַק פון די שפּיעלער און די צושויער. אין דער שטיק האָט געדאַרפט פאָרקומען, ווי א פרוי גנב'עט געלד פון איהר מאַן און באַשולדיגט א צווייטער אין דער גנבה. מיר האָבען אונזער פּלאַן גלייך גענומען דורכפיהרען. אויף מאָרגען האָבען מיר צונויפגענומען נאָך א פּאָר קינדער פון דאָרף און זיך גענומען איינשטודירען. אין א פּאָר טעג ארום איז שוין אלעס געווען פארטיג. אז מיר האָבען אונזערע עלטערען געלאָזט וויסען וועגען דעם פּלאַן, האָט אפילו די מאַמע ניט געגלויבט אין אונזערע פעהיגקייטען. נאָר נאָך פיעל בעטען האָט זי איינגעווילליגט און האָט אויך צוגעזאָגט איינצולאַדען געסט.

ענדליך איז דער גליקליכער אָווענד געקומען. עס האָבען זיך פארזאַמעלט דער זיידע מיט דער באָבע, די פעטערס מיט די מוהמעס, מיט אלע קינדערלאך און סתם שכנים. מ'האָט אָנגעצונדען לאָמפּען, צושטעלט שטוהלען, בענק, קאַנאַפּעס מיט קעסטלאך, מ'האָט איבערגעקעהרט אייזערנע טעפּ מיט די רעקען ארויף און געמאַכט פּלאַץ פאר יעדען. מ'האָט זיך צוזעצט און געוואַרט. א פּאָר גוים, פארבייגעהענדיג, האָבען געזעהן, אז עס איז פרעהליך, זיינען זיי אויך אריין און זיך צושטעלט ביי די טירען מיט די ליולקעס אין די מיילער און אויך געוואַרט.

עס האָט זיך אָנגעפאַנגען.

די לאָמפּען אין די צימערען זיינען אויסגעלאָשען געוואָרען, נור איין גרויסער הענגלאָמפּ האָט באַלויכטען די ביהנע. די פארזאַמעלטע האָבען מיט אן איינגעהאַלטענעם אָטעם נאָכגעפאָלגט אונזער שפּיעלען. דער ערשטער אקט איז ארוים פיין. מ'האָט געפּאַטשט בראַוואָ, ביז דער צווייטער אקט האָט זיך אָנגעהויבען. און ווידער איז געוואָרען טויט שטיל. ווי צוגעשמידט זיינען יעדענס אויגען געווען צו דער ביהנע, ווען ס'האָט שוין געדאַרפט פאָרקומען די גנבה. א י ך, שפּיעלענדיג די גנב'טע, האָב געטאָן מיין ארבייט געטריי: איך האָב ארויסגענומען דאָס בייטעלע מיט געלד פון מיין מאַנ'ס קעשענע שטילינקערהייט און איך בין גלייך אָנגעפאַלען אויף מיין אומשולדיגער שוועסטער, וועלכע האָט געשפּיעלט די עהרליכע מיידעל, און איך שריי: „גנב'טע! ד ו האָסט באַ'גנב'עט מיין מאַן! די ג ע ל ד גיב אָפּ!"

ליאַרעמענדיג אזוי און שלעפּענדיג מיין שוועסטער פאר די האָר, איז פּלוצלינג אויסגעוואקסען אויף דער ביהנע אונזער שכן פיליפּ, א הויכער, געזונטער גוי אין א פּאָר ווייסע לייווענטענע הויזען מיט דער ליולקע צווישען די זייטיגע צייהן, און כאַפּט מיך אָן מיט א האַנט און טוט א געשריי: „דו האָסט גע'גנב'עט די געלד! דו אזוינע און אזוינע, גיב אָפּ דאָס געלד!" און הויבט אויף די אַנדערע האַנט און לאָזט מיר אראָפּ א פּ א ט ש, אז איך בין גלייך אומגעפאַלען און זיך באַוואַשען מיט בלוט. עס איז געוואָרען א רעש און א טומעל. לאָמפּען האָבען זיך אָנגעצונדען, שטוהלען זיינען געפלויגען, די מאַמע האָט גע'חלש'ט, דער טאַטע האָט געשריען אויפ'ן גוי און מיר האָט מען געטראָגען האַנדטיכער מיט קאַלטע וואסער. אָבער איך האָב גאָר ניט געוואוסט וואָס עס געהט אָן. איך האָב נאָר ווי דורך א שלאָף געהערט פיליפּ'ן שרייענדיג: „יאַ סאַם באַטשאַל! — איך האָב אליין געזעהן ווי זי האָט דאָס געלד גע'גנב'עט! זאָלען מיך הינט צורייסען! איך האָב אליין געזעהן!"




## די אינפלוענציע געפאהר נאָך נישט אוועק!

עס איז שוין אזוי דער פאַל אין יעדער אינפלוענציע מגפה, אז נאָכ'ן ערשטען אָנפאַל קומט באלד א צווייטער און אָפטמאָל נאָך אויך א דריטער. עס מוזען דאריבער זעהר שטרענג פאָרט־געזעצט ווערען אַלע פאָרזיכטס־מיטלען זאָגאר יעצט, ווען די עפידעמיע ווילדעוועט שוין נישט אזוי שטארק ווי פריהער.

איבערהויפט ווערען אונזערע הויז־פרויען געוואָרענט צו האַלטען די הייזער וואַרעם און אין דערזעלבער צייט לופטיג. פיהרט איין, אז יעדערער אין שטוב זאָל זיך האָבען א באזונ־דערען האַנדטוך צו ווישען זיך און נישט מישען זיך איינע מיט די אַנדערע. אזא זאַך מעג אָנגעהאַלטען ווערען אימער, אפילו נישט אין צייט פון עפידעמיע.

עס איז ראַטהזאַם, ווען קינדער האָבען יעצט א „קאַלט", נישט ארויסצולאָזען זיי אויפ'ן גאַס, אמווענינגסטענס דריי טעג נאָך דעם, ווי אַלע סימנים פון „קאַלט" זיינען שוין אוועק. עס איז אין דער צייט פון „נאָך דעם קאַלט", ווען מ'קען לייכט ווערען איבערגענומען פון די אינפלוענציע־מזיקים, ספּעציעל קינ־דער, וואָס זיינען מעהר אקטיוו אויפ'ן גאַס און ציהען אריין אין די לונגען א גרעסערע מאָס קאַלטע לופט.

דאָס זאָל אָבער בשום־אופן נישט פאַרשטאַנען ווערען, אז פאַר די קינדער איז עס נישט געזונט צו זיין אויף דער לופט. גראַדע פאַרקעהרט: ווען געזונטע קינדער האָבען גענוג פרישע לופט אויפ'ן גאַס וועלען זיי פיעל ווייניגער געלעגענהייטען האָ־בען צו „כאַפּען א קאַלט", אָדער וועלכע עס איז אַנדער קראַנק־הייט, וואָס איז פאַרבונדען מיט די אָטעם־קאַנאַלען.

* * *

## א רעגעלען אָפּענעם מאָגען

מעהרסטענטיילס מענשען, וואָס ליידען אויף א האַרטען מאָגען, אָדער פאַרשטאָפּונג, זיינען אין דעם אליין זיך שול־דיג און קענען גרינג פון דעם פטור ווערען.

די ערשטע זאַך איז נויטיג, אַז דער מענש זאָל האָבען א באַשטימטע צייט, וואָס ער מוז זיך פּרובען צו דרענגען זיינע געדערים און איינגעוואוינען זיי צו ווערען באַוועגליך אין דער צייט. ווען זאָגאַר די ערשטע עטליכע מאָל וועט עס נישט ברענגען קיין רעזולטאַטען, וועט עס אָבער מוזען גע־ענדערט ווערען ווען ער וועט עקשנות'דיג פאָרטזעצען און פּינקט־ליך צו דער מינוט פּרובען זיך צו האָבען דעם מאָגען.

א דיעטע פון גרינסען און פרוכטען איז פיעל בעסער, ווי די פאַרשיעדענע מינעראַלע און געפּעלשטע וואַסערען, מיט וואָס מ'פּרובט זיך אויסצולעדיגען דעם שווערען, פאַרמאַכטען מאָגען. איבערהויפּט ווערען רעקאָמענדירט געבראָטענע עפּעל, געפּרעסטע פייגען, אָראַנזשען, גרייפּ־פרוכט, וויינטרויבען און אַלע אַנדערע פרוכטען, וואָס האָבען א סך קערענדלאַך. גוטע האָניג אָנגעשמירט אויף ברויט ווירקט אויסגעצייכענט. דאָס ברויט איז בעסער זאָל זיין שוואַרצע „פּאָמפּערניקעל", וואָס באַזיצט אויך פיעל קערנער. פאַר אזא מין סאָרט האַרטען מאָגען זיינען שעדליך מעהל־זופּען, ניס, צופיעל איבערגעקאָכטע מילך, געווירצטע און צו־פעטע פליישען, געבראָטענע פיש און הערינג.

לאַנגע שפּאַציער־גענג אין דער אָפענער לופט און גימ־נאַסטישע איבונגען ווירקען נישט נור אויף דער בלוט־צירקו־לאַציע, נאָר אויך אויף דער רעגעלמעסיגער ארבייט פון מאָגען.

* * *

## א ריינעם, ציכטיגען פנים

אָפטמאָל פאַרשילטען זיך מענשען דאָס לעבען, איבער־הויפּט יונגע בחורים אָדער מיידלאַך, ווען זיי געהען נור צו צום שפּיגעל און דערזעהען די פאַרשיעדענע געשווירלאַך און קרעצ־לאַך, וואָס פאַר'מיאוס'ען זייער פנים. אָפטמאָל אָבער קען עס לייכט באַזייטיגט ווערען אָנווענדענדיג פאָלגענדע כללים:

נישט עסען קיין פעטע שפּייזען, צוקערוואַרג אָדער „פּייס", זויערע איינגעמאַרענירטע אוגערקעס, טאָמייטאָס אָדער געמאַ־רענירטע פישען און זויער געעסיגטע געריכטען און באָרשטען.

נישט טרינקען קיין אַלקאָהאָל. וואָס ווייניגער טעע און קאַפע, נאָר גענוג קאַלטע פרישע וואַסער.

וואַשט זיך נישט דאָס געזיכט מיט וואַרעמע וואַסער אָדער מיט זייף. מעג עס אפילו זיין די שמעקעדיגסטע און מיט דעם שעהנסטען קלינגבאַרסטען נאָמען.

דערפאַר אָבער ווערט געראַטען צו וואַשען דעם פנים מיט פאָלגענדען רעצעפּט, וועלכען איהר קענט אַליין צוזאַמענשטעל־לען, קויפענדיג די פאַרשיעדענע פּראָדוקטען אין א דראָג סטאָר:

איין חלק—סאַליציליק עסיד, צוויי חלקים טאַרטאַריק עסיד, פינף חלקים אסעטיק עסיד, צוואַנציג חלקים גליצערין, דרייסיג חלקים קאָאָלין און פינף און זיבעציג חלקים ראָז־וואַסער. שטעלט עס אָן אין א ריינער כלי און געברויכט עס יעדען מאָל, ווען איהר וואַשט אייער געזיכט. אויב איהר וועט אָפּהיטען די אַלע כללים, איז מעהר ווי זיכער, אַז איהר וועט שוין מעהר נישט אין כעס ווערען אויף זיך און אויף דער גאַנצער וועלט יעדען מאָל ווען איהר קוקט אריין אין שפּיגעל.

* * *

אויב אייערע צייהנער בלוטיגען, ווי נאָר איהר גיט זיך א ריהר צו זיי, קענט איהר זיי ווייניג וואָס העלפען מיט די פאַרשיעדענע צאָהן־פּולווערס אָדער צאָהן־קריעמען, וואָס מ'פאַר־קויפט אין די דראָג־סטאָרס. דער בעסטער מיטעל דערפאַר איז צו מאַסאַזשירען די יאַסלעס אזוי אָפט ווי מעגליך. קינדער איז גוט איינצוגעוואוינען אין זייער פריהעסטער יוגענד צו רייבען זייערע יאַסלעס מיט ריינע פינגער עטליכע מאָל א טאָג. מיר וואָלטען אָבער אויך נישט ראַטען אינגאַנצען אויפ־צוגעבען דאָס רייבען די צייהנער מיט א גוטען צאָהן־קריעם, כאָטש דער עיקר פאַרבלייבט אַלץ דאָס רייבען די יאַסלעס און די שטענדיגע אָנהאַלטונג פון די בלוט־צירקולאַציע אין א גלייַ־כער מאָס.

עס איז זעהר גוט אויסצוואַשען דאָס מויל מיט געוועהנ־ליכע זאַלץ־וואַסער פאַר'ן געהן שלאָפען. נישט נור העלפט עס רייניגען די שפּעלטעלאַך צווישען די צייהנער, נאָר עס האָט אויך זעהר א גוטען עפעקט אויף די יאַסלעס, ווי אויף דעם גאַנצען מויל אין אַלגעמיין.

# זיצונגען פון דער נ אציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע א.ר.

דער רעגולער מאנאטליכער מיטינג פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע פון ארבייטער רינג ווערט אפגעהאלטען מאנטאג אבענד, דעם 9טען דעצעמבער, מיט פריינד אב. עפשטיין אלס טשערמאן.

## צושריפטען.

פון דער נאציאנאלער ארבייטער קאמיטע — בעטען צו ערוועהלען דריי דעלעגאטען פון דער עקזעקוטיוו צו זייער קערפערשאפט. עס ווערען ערוועהלט פריינדע אב. עפשטיין, צביון און א. צוקער.

פון פריינד ה. טייטעלמאן, דירעקטאר פון פענסילוויינא סטייט — שרייבט, אז אין באריכט פון דער נאצ. עקזעקוטיוו אין לעצטען נומער „פריינד" לעזט זיך, דאס ער (טייטעלמאן) איז געקומען פון דער פילאדעלפיא סיטי קאמיטע וועגען העלפען געבען מעדיצינישע הילף פאר די ארבייטער רינג מעמבערס פון פילאדעלפיא. ער בעט צו קארעגירען, אז ער האט ביי דעם מיטינג געזאגט, דאס ער איז ניט געשיקט פון קיינעם און רעדט ניט אין נאמען פון קיין קאמיטע, נאר אלס דירעקטאר פון פענסילוויינא, זעהענדיג דעם צושטאנד אין פילאדעלפיא און וויסענדיג, אז דורך דער עפידעמיע קען מען קיין מיטינג פון דער סיטי קאמיטע ניט רופען, האט ער געפונען פאר נויטיג צו ווענדען זיך צו דער נאצ. עקזעקוטיוו און פארלאנגט די הילף, וועלכע איז דאמאלס באוויליגט געווארען. ער בעט דאס צו קארעגירען אין דעם נעקסטען באריכט אין „פריינד". — עס ווערט באשלאסען אנצונעהמען זיין צושריפט אלס קארעקשאן.

* * *

פריינד יעלין באריכטעט, אז ער איז געוועזן פארטראטען ביי דעם 5טען יעהרליכען יובילעאום פון בר. 500, וואס איז געפייערט געווארען דעם 16טען נאוועמבער. ער האט זיי באגריסט אין נאמען פון דער עקזעקוטיוו און זיי האבען באדאנקט פאר שיקען צו זיי א פארטרעטער. זיי ערווארטען אין גיכען צו פייערען דאס אריינגעהמען פון 500-טען מעמבער.

באריכט ווערט גוטגעהייסען.

## באריכט פון דער לעגאל קאמיטע.

פריינד פריימאן, טשערמאן פון דער קאמיטע, באריכטעט, אז מיר האבען געקראגען טשארטערס אין די סטייטס אהייא און נעבראסקא.

אונזער לאיער פון קענעדע איז געוועזן אין ניו יארק און מיטגעבראכט מיט זיך אלע נויטיגע דאקומענטען אין פארבינדונג מיט דער לעגאליטעט. פארטרעטער פון דער קאמיטע צוזאמען מיט דעם דזשענעראל סעקרעטער און אונזער לעגאל אדווייזער, מאיר לאנדאן, האבען געהאט מיט איהם א קאנפערענץ און, ווי עס זעהט אויס, וועלען מיר ווארשיינליך אין גיכען ווערען געטשארטערט אין צוויי פראווינצען אין קענעדע.

דער ארבייטער רינג האט ביז איצט געקראגען טשארטערס אין עלף נייע סטייטס.

באריכט ווערט גוטגעהייסען.

## סעקרעטער'ס ראפארט.

פריינד באסקין, דזשענעראל סעקרעטער, באריכטעט, אז ער איז שבת געוועזן פארטראטען ביי דער קאנפערענץ פון דער נאציאנאלער ארבייטער קאמיטע. ס'איז ראפארטעט געווארען, אז די „דיסטריקט קאמיטע און ווייקאנסעס" פון אידישען קאנגרעס האט באוויליגט נאך זעקס דעלעגאטען פאר די ארבייטער ארגאניזאציאנען, דאס הייסט, אנשטאט 14 זאל די ארבייטערשאפט האבען 20 דעלעגאטען ביים אידישען קאנגרעס. דער ארבייטער רינג וועט זיין בארעכטיגט צו שיקען 4 דעלעגאטען, מיט דעם פארשטענדניס, אז איין דעלעגאט זאל זיין פון לייבאר ליעג. די פראגע וועגען באטייליגען זיך אין אידישען קאנגרעס איז ברייט דעבאטירט געווארען. ער האט געשטימט געגען דעם, אז די ארבייטערשאפט, אלס אזעלכע, זאל שיקען פארטרעטער צום אידישען קאנגרעס.

ער ערקלערט, אז די ברענטשעס פון ארבייטער רינג הויבען זיך אן אפרופען אויף דער פארפליכטונג פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו צו שאפען 25 טויזענד דאלאר פאר'ן רעליעף.

אויך וועט אונזער מעמבערשיפ קאמפיין, ווי עס זעהט יעצט אויס, זיין ערפאלגרייך דיעזען יאהר. א היבשע צאהל אפליקיישאנס קומען אריין אין אפיס כמעט יעדען טאג. אין מאנאט נאוועמבער זיינען אריינגעקומען 852 נייע מיטגליעדער. נעהמענדיג אין אנבאטראכט, אז דאס איז דער לעצטער מאנאט פון קווארטאל, ווען נייע מעמבערס ווערען ווייניג פארגעשלאגען, איז די צאהל א גאנץ באדייטענדע.

פאר דעם לעצטען קווארטאל זיינען ראפארטעט געווארען 223 טויטען-פעלע. לעצטען יאהר האבען מיר געהאט 184 טויטען-פעלע, דאס הייסט, אז דעם קווארטאל אליין האבען מיר צוליעב דער עפידעמיע געהאט מעהר טויטען-פעלע, ווי לעצטעם יאהר א גאנץ יאהר. אבער ווי ראפארטעט לעצטען מאנאט, האט דער מארטשוערי פאנד ביז דעם 1טען אקטאבער געהאט א סורפלוס פון $99,252.03, א סומע וואס איז גרויס גענוג אויסצוהאלטען דעם קלאפ וואס איז געקומען דורך דער מגפה.

סערטיפיקייטס פאר קראנקען בענעפיט קומען נאך אלץ אריין אין מאסען פון כמעט אלע ברענטשעס. די מעהרסטע ברענטשעס וועלען אויף אזא אופן צאהלען זייערע דיוס אין אפיס מיט קרעדיטס פאר בענעפיט, און קיין באנדס וועט מען דיעזען קווארטאל ניט קענען קויפען.

אין אפיס הויבען אן אריינקומען ראפארטס פון ברענטשעס וועגען זייערע צוריקגעקומענע מעמבערס פון דער ארמעע.

פאר דעם אלגעמיינעם סאציאליסטישען קאמפיין (אויסער די סומען וואס די ברענטשעס האבען בייגעשטייערט פאר פארשיעדענע לאקאלע קאמפיינס) איז אריינגעקומען $6,586.31.

אין איינינע טעג ארום וועלען ארויסגעשיקט ווערען נאמינישאן ליסטען פאר קאנדידאטען צו דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע פאר'ן יאהר 1919-1920. די קאנפערענץ צו שטימען איבער די אלע נאמינירטע וועט אפגעהאלטען ווערען אין ניו יארק זונטאג, דעם 16טען פעברואר, 10 אוהר פריה.

די נאציאנאלע ארבייטער קאמיטע האט פאררופען א קאנפערענץ פון פארטרעטער פון אלע נאציאנאלע אידישע ארבייטער קערפערשאפטען און עס איז באשלאסען געווארען צו ארראנזשירען א גרויסען פראטעסט מיטינג געגען די פאגראמען אויף אידען אין גאליציען און פוילען, אין מעדיסאן סקווער גארדען, מיטוואך, דעם 11טען דעצעמבער.

פר. באסקין גיט איבער, אז דער אינשורענס קאמישאנער פון טעקסעס האט געלאזט וויסען, דאס לויט די דארטיגע געזעצען קען א כלה ניט זיין די בענעפישערי פון איהר חתן. ער האט זיך דורכגערעדט וועגען דעם מיט אונזער ליגעל אדוויזער און א בריעף איז געשריבען געווארען צום קאמישאנער, אנפרעגענדיג צי ס'וועט זיין צופריעדענשטעלענד, אויב דער טעכנישער פונקט אין אונזער קאנסטיטושאן וועט געענדערט ווערען, אין איינקלאנג מיט די געזעצען פון יענעם סטייט. דער קאמישאנער אוו אינשורענס פון טעקסעס האט אויך אנגעדייטעט, אז ער וועט ווארטען ביז מען וועט איהם צושיקען דעם נייעם וועליואיישאן רעפארט פאר דעם יאהר.

נאך דעם ווי עס ווערען געשטעלט איינינע פראגען ווערט דעם סעקרעטער'ס ראפארט גוטגעהייסען.

## קאמיטעס.

פון בר. 216 — ערקלערען, אז אין דער צייט פון דער עפידעמיע האט זיך ארויסגעצייגט, דאס די דאקטוירים האבען ניט אטענדעט צו די מעמבערס פון די ברענטשעס. אויב אזא באציהונג פון דאקטוירים צו קליינע סאסייעטיס איז געוועזן פארצייהליך, האט דאס דער ארבייטער רינג אבער ניט געטארט דערלאזען. זיי פרעגען, אויב די עקזעקוטיוו נעהמט אן אירגענד וועלכע מיטלען וועגען דעם.

## וועגען באטייליגען זיך אין אידישען קאָנגרעס.

די גענאָסען סאלוצקי און צביון ווענדען זיך אלס קאָמיטע פון דער נאצ. ארבייטער קאָמיטע. זיי ערקלערען, אז ס'איז באשלאָסען געוואָרען צו רופען א אידישען ארבייטער קאָנגרעס, די צאָהל דעלעגאטען זאָל באשטעהן פון 500, וועלכע זאָלען איינגעטיילט ווערען צווישען די נאציאָנאלע קערפערשאפטען און אנדערע אָרגאניזאציאָנען. זיי בעטען, אז די עקזעקוטיווע זאָל רופען אין ניו יאָרק א באזונדערע קאָנפערענץ פון ארבייטער רינג ברענטשעס צו ערוועהלען 50 דעלעגאטען צום ארבייטער קאָנגרעס. עס איז אויך דער פּלאן, אז אלע עקזעקוטיוו מיטגליעדער פון די נאציאָנאלע קערפערשאפטען זאָלען זיין דעלעגאטען צום ארבייטער קאָנגרעס. זיי דייטען אָן, אז די לעצטע נאציאָנאלע ארבייטער קאָנפערענץ איז באשטאנען פון 784 דעלעגאטען און פון דיעזע זיינען איבער 400 דעלעגאטען געווען פון ארבייטער רינג ברענטשעס.

עס ווערט באשלאָסען צו רופען א קאָנפערענץ פון ארבייטער רינג ברענטשעס אויף דעם 22טען דעצעמבער צו ערוועהלען די 50 דעלעגאטען צו דעם אידישען ארבייטער קאָנגרעס. די פארטרעטערשאפט צו דער קאָנפערענץ זאָל זיין לויט דער פאָרם פון די פארקאָנפערענצען פאר די ארבייטער רינג קאָנווענשאָנס.

עס ווערט אויפגעהויבען די פראגע צי דער ארבייטער רינג זאָל זיך באטייליגען אין דעם אידישען קאָנגרעס, וואָס וועט ערעפענט ווערען אין פילאדעלפיא, דעם 15טען דעצעמבער.

מאנכע עקזעקוטיוו מיטגליעדער ערקלערען אין פארלויף פון דער דעבאטע, אז ביי דעם יעצטיגען מאָמענט איז נויטיג צו שאפען אן איינהייטליכקייט ביי דעם אידישען פאָלק; אז מען דארף מעסטען די יעצטיגע לאגע און די באדייטונג פון דעם אידישען קאָנגרעס מיט א גרעסערער מאָס, ווי מען מעסט געוועהנליכע טאקטיק פון אָרגאניזאציאָנס־ארבייט; אז די מאָיאָריטעט דעלעגאטען ביי דער נאציאָנאלער ארבייטער קאָנפערענץ האָט געשטימט פאר באטייליגען זיך אין אידישען קאָנגרעס און פאָלגליך איז דאָס א מאָראלער חוב פאר'ן ארבייטער רינג צו זיין ביים אידישען קאָנגרעס פארטראָטען.

אנדערע וויעדער זאָגען, אז ווען די ארבייטערשאפט וואָלט געהאט א הונדערט דעלעגאטען ביים אידישען קאָנגרעס, וואָלט מען זיך צו זיי צוגעהערט, אָבער 14 אָדער 20 דעלעגאטען ביי א קאָנגרעס פון 400 וועלען זיך ניט אָנזעהן און זייער שטימע וועט ניט געהערט ווערען; אז דערמיט וואָס מיר וועלען זיין פארטראָטען ביים אידישען קאָנגרעס, וועלען מיר אונדירעקט סאנקציאָנירען אלעס, וואָס וועט דאָרט פארהאנדעלט ווערען; אז די ערשטע אויפנאהמע וואָס די פארטרעטער פון דער נאצ. ארבייטער קאָמיטע האָבען נעקראָגען ביי אָן אָפיציעלער קאָמיטע פון אידישען קאָנגרעס איז דער בעסטער באווייז וואָסער אויפנאהמע די ארבייטער פארטרעטער קענען ערווארטען ביים קאָנגרעס גופא; אז די וועסטערן קאָנפערענץ פון ארבייטער־אָרגאניזאציאָנען האָט גוטגעהייסען דעם באשלוס פון דער נאציאָנאלער ארבייטער קאָמיטע ניט צו באטייליגען זיך אינ'ם אידישען קאָנגרעס. דער ארבייטער רינג דארף דארום קיין דעלעגאטען צום אידישען קאָנגרעס ניט שיקען.

מיט 12 שטימען געגען 5 ווערט באשטימט ניט צו שיקען קיין פארטרעטער צום אידישען קאָנגרעס.

---

עס ווערט באשלאָסען צו האָבען א פאָרטזעצונג פון דעם מיטינג דיענסטאג אבענד, דעם 17טען ד. מ.

א ספּעשעל מיטינג פון דער נאציאָנאלער עקזעקוטיוו קאָמיטע ווערט אָפּגעהאלטען פרייטאג אבענד, דעם 13טען דעצעמבער, מיט פריינד אב עפשטיין אלס טשערמאן.

דער טשערמאן ערקלערט, אז מאנכע מיטגליעדער פון דער עקזעקוטיוו האָבען איינגעזעהן, אז עס וועט זיין ראטזאם נאָך אמאָל צו פארהאנדלען די פראגע וועגען ניט באטייליגען זיך אין אידישען קאָנגרעס. ער זאָגט, אז אַבוואָהל אלס טשערמאן האָט ער, לויט קאָנסטיטושאן, אליין א רעכט צו רופען א ספּעשעל מיטינג פון דער עקזעקוטיוו, דאָך האָט ער נעקראָגען די צושטימונג פון נאָך א צאָהל עקזעקוטיוו מיטגליעדער צו רופען דעם היינטיגען ספּעשעל מיטינג. ער גיט אויך איבער, אז ער קומט נאָר וואָס פון א זיצונג פון דער נאציאָנאלער ארבייטער קאָמיטע, וואו עס איז באשלאָסען געוואָרען צו באטייליגען זיך אין אידישען קאָנגרעס.

פר. גערשאנאָף פרעגט צי דער טשערמאן האָט א רעכט צו רופען ספּעשעל מיטינגען וועגען פראגען וואָס זיינען שוין ביי דער עקזעקוטיוו פארהאנדעלט געוואָרען.

דער טשערמאן ענטפערט, אז ווי ער פארשטעהט דעם פונקט פון דער קאָנסטיטושאן, האָט דער טשערמאן דאָס רעכט צו רופען ספּעשעל מיטינגען פון דער עקזעקוטיוו וועגען אירגענד וועלכער פראגע וואָס ער געפינט פאר נויטיג.

פר. אדלער אפּעלירט געגען דער אויסטייטשונג פון טשערמאן און שלאָגט פאָר, אז דער מיטינג וועגען דער פראגע זאָל אָפּגעלעגט ווערען ביז די נייש‌אנאל באארד אוו דירעקטאָרס וועט ענטשיידען, אויב דער טשערמאן האָט ריכטיג געהאנדעלט.

די עקזעקוטיוו באשליסט גוטצוהייסען די האנדלונג פון טשערמאן.

פריינד וויינבלאט שלאָגט פאָר צו רעקאנסידערען דעם לעצטען באשלוס ניט צו באטייליגען זיך אין אידישען קאָנגרעס. דער פאָרשלאג ווערט אונטערשטיצט און מיט 12 שטימען געגען עלף ווערט באשלאָסען צו רעקאנסידערען יענעם באשלוס.

## קאָמיטע.

פון דער נאציאָנאלער ארבייטער קאָמיטע —גענ. סאלוצקי ערקלערט, אז ער פערזענליך איז ניט קיין אנהענגער פון אידישען קאָנגרעס, אָבער די סיטואציע איז איצט א גאנץ אנדערע. ער איז מיט דער מיינונג, אז אין דעם יעצטיגען מאָמענט פון פּאָגראָמען געגען אידען דארפען מיר זיך באטייליגען אינ'ם אידישען קאָנגרעס אום אונזערע געגנער און באזונדערם די פּאָליאקען אויף יענער זייט ים זאָלען ניט קענען זאָגען, אז די אידישע ארבייטערשאפט איז אויסער'ן קאָנגרעס און האָבען דאדורך אן אויסרייד צו טענה'ן, אז די פאָדערונגען פונ'ם אידישען קאָנגרעס זיינען ניט קיין אלגעמיין אידישע. ער דייטעט אָן, אז די פאראייניגטע אידישע געווערקשאפטען האָבען שוין ערוועהלט דעלעגאטען, אז די נאצ. ארבייטער קאָמיטע, פון וועלכע מיר זיינען א טייל, האָט באשטימט צו באטייליגען זיך אינ'ם אידישען קאָנגרעס און די איבריגע טיילען פון דער באוועגונג דארפען דארום אָנהאלטען די גאנצקייט פון דער באוועגונג און אויך שיקען פארטרעטער צום אידישען קאָנגרעס.

נאָך א לענגערער דעבאטע, אין וועלכער עס באטייליגען זיך כמעט אלע אנוועזענדע עקזעקוטיוו מיטגליעדער, ווערט מיט דרייצעהן שטימען געגען עלף באשלאָסען צו באטייליגען זיך אין קאָנגרעס.

נעהמענדיג אין אנבאטראכט, אז די גאנצע ארבייטערשאפט האָט געקראָגען א לעכערליך־קליינע און אונבאדייטענדע פארטרעטערשאפט, ווערט באשלאָסען צו נעהמען בלויז א פאסיווען אנטייל אין אידישען קאָנגרעס און שיקען בלויז איין פארטרעטער.

אלס דעלעגאט ווערט ערוועהלט פריינד י. וויינבערג. ער ווערט בעאויפטראגט צו האנדלען און שטימען איבער פראגען לויט דעם באשלוס פון דער גאנצער ארבייטער דעלעגאציע ביים קאָנגרעס.

פ. געליעבטער, רעקאָרינג סעקרעטער.

---

א פאָלק, וואָס האָט געקענט איבערלעבען טיטוס'ן, טורנוסרופוס'ן און טארקוועמאדא'ן, פלעווע'ן, פּאביעדאנאָסצעוו'ן און פורישקעוויטש'ן — וועט אויך איבערלעבען פאן דמאָווסקי'ן מיט זיינע פּיוועלשע פּאָגעם־קאָלעגען.

* * *

איך ליעב דאָס פאָלק פון דיעזען לאנד און האָב נישט קיין [illegible] פון אנאנדער לאנד — דעבס.

אויך [illegible] נוילט, אז אייער א י י ן סאָציאליסטישער וואוט זאָל זיין [illegible] צוויי — ווערט א מעמבער פון דער סאָציאַ־ל[illegible].

* * *

[illegible]אדער שפּעטער וועט קאפּיטאליזם מוזען אָפּריינינגען דעם סאָציאליזם, ריכטיג ווי די נאכט מוז זיך אָפּטראָגען פאר [illegible]ען פון טאָג — סקאָט ניערינג.




מיר טרויערען אויף דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער באליעבטען פריינד און טעטיגען מיטגליעד עדואַרד רובענשטיין, געפאַלען אויף דעם שלאַכטפעלד אין פראַנקרייך דעם 4טען סעפטעמבער 1918. ניט קענענדיג אויסדריקען אונזערע געפיהלען, פאַרפליכטען מיר זיך צו אַרבייטען פאַר דער זאַך, וואָס דו האָסט געהאַלטען פאַר הייליג און טייער, זאָגאַר ווען דו פעהלסט אין אונזערע רייהען.

מיר דריקען אויס סימפּאַטיע די פאַמיליע פון דעם פאַרשטאָרבענעם דאָ און אויף יענער זייט ים, און מיר פאַרשפרעכען צו האַלטען הייליג און טייער דעם אנדענקען פון אונזער פריינד עדואַרד רובינשטיין. רעז. קאָמ.: מאַקס סמאָווסקי, סעק. איזראַעל גאַללאַי. בר. 260.

---

מיר דריקען אויס אונזער סימפּאַטיע צו אונזער פריינד פ. סיימאַן. מיט גרויסע שמערצען באַדויערען מיר דעם פריהצייטיגען טויט פון זיין באליעבטער פרוי העני סיימאַן, איבערלאָזענדיג פיער קליינע קינדער.

רעז. קאָמ. ברענטש 131 אַ. ר.

---

מיר דריקען אויס אונזער באַדויערען פון דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פריינד אב. ספּערלינג. מיר דריקען אויס אונזער הערצליכע סימפּאַטיע צו זיין פרוי און קינדער.

בר. 270 אַ. ר. קליגלער, סעק.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען טרויער און סימפּאַטיע צו אונזער פריינד אילאַי פרענקלין און זיינע ליעבע זעקס קינדערלאַך איבער דעם פאַרלוסט פון דעם פריהצייטיגען טויט פון זיין יונגער און באליעבטער פרוי און די איבערגעבענע און געטרייע מוטער פון איהרע ליעבע קינדערלאַך, געשטאָרבען אין עלטער פון 82 יאָהר. עהרע איהר אנדענקען!

אב. ראַדדמאַן, סעק. בר. 12 לייבאָר ליעג.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען טרויער און שמערץ איבער דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פריינד און מיטאַרבייטער סעם קוקעל, וועלכער האָט טריי און איבערגעגעבען געאַרבייט פאַר אונזער ברענטש, און אויך נישט אָפּגעטרעטען פון דער אַרבייט ביז די לעצטע מינוטען וואָס זיין געזונד האָט איהם ערלויבט. מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטע סימפּאַטיע צו זיין פרוי און קינדער און צו זיין גאַנצער פאַמיליע.

אין טרויער: בר. 249 א. ר. אדאָלף שיין, רעק. סעק.

---

מיר באַדויערען דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער מעמבער, פריינד אָרלאָוו, און דריקען אויס אונזער סימפּאַטיע צו זיין פרוי און קינדער. מיר באַדויערען און דריקען אויס אונזער סימפּאַטיע מיט אונזערע מעמבערס, טרעזשורער פריינד גאַרפּיעלד, פריינד קוזנעטסקי און פריינד מאַזור, וואָס האָבען פאַרלאָרען זייערע פרויען אין דער מגפה.

א. בלאַק, סעקרעטער בר. 515.

---

מיר באַדויערען זעהר דעם טויט פון אונזערע צוויי פריינדע וויקטאָר און מאָריס כהן, געשטאָרבען פון אינפלוענציא אין [illegible] בליהענדער יוגענד, איבערלאָזענדיג איינער אַ פרוי מיט אַ קינ[illegible] דער צווייטער אַן עלענדע שוועסטער.

בר. 47 אַ. ר. נ. מאַרגאַלין, פראָמ[illegible]

---

מיר דריקען אויס אונזער טיעפען טרויער אויף דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פריינד פיליפּ בערמאַן׳ס פרוי, און אונזער סימפּאַטיע צו די פאַמיליע מיט די קליינע קינדער.

מ. וואַגמאַן, י. הורוויץ, קאָמ. בר. 337.

---

מיט טיעפען טרויער באַדויערען מיר דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פריינד אברהם רובין. אונזער טיעפסטע סימפּאַטיע צו זיין פרוי און קינד.

רעז. קאָמ., ב. מיללער, בר. 418.

---

מיר דריקען אויס אונזער גרויס טרויער און שמערץ איבער דעם פריהצייטיגען טויט דורך דער מגפה פון אונזער פריינד בען סטאַל, וועלכער האָט טריי און איבערגעבען געאַרבייט פאַר אונזער ברענטש. אונזער טיעפסטע סימפּאַטיע צו זיין אומגליקליכע פרוי אין רוסלאַנד און צו זיין אומגליקליכען ברודער אין פראַנקרייך.

דזש. דאַלינסקי, בר. 170 אַ. ר.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען טרויער אויף דעם פריהצייטיגען טויט פון אייב ברענער, געשטאָרבען 31 יאָהר אַלט. אויך דריקען מיר אויס אונזער טיעפסטע סימפּאַטיע צו דער אלמנה און קינדער פון דעם פאַרשטאָרבענעם פריינד.

פאַר בר. 325 אַ. ר., י. באַראַן, סעק.

---

בר. 457 באַדויערט דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פר. איזראַעל ארווינד און דאָס גלייכען מיט זיין פרוי פעני ארווינד. מיר טיילען מיט אונזער סימפּאַטיע צו זיינע צוויי קליינע קינדערלאַך און צו זיינע צוויי שוואָגערס, וועלכע זיינען אויך מעמבערס אין דעם זעלבען ברענטש, און אימער וועט זיין אנדענקען זיין פריש צו די וואָס האָבען איהם געקאָנט.

מאיר שיינפעלד, סעקרעטער.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 116 אַ. ר., דריקען אויס אונזער טיעפסטען באַדויערען און מיטגעפיהל אין דעם פאַרלוסט וואָס אונזער פריינד נ. מענדעלסאָן און זיינע דריי קינדער האָבען ערליטען דורך דעם פריהצייטיגען טויט פון זיין פרוי. עהרע איהר אנדענקען!

יוסף שמוקלער, סעק. בר. 116. מאַקס וואַרעס,
ס. מידעלמאַן, די קאָמיטע.

---

בר. 157 באַדויערט דעם פריהצייטיגען און אונערוואַרטעטען טויט פון פריינד סעם טונקעל׳ס פרוי, רבקה טונקעל, איבערלאָזענדיג אַ ליעב קינד אויף פרעמדע קינד. עהרע דיין אנדענקען פריהצייטיגער קרבן!

סעקרעטער בר. 157 אַ. ר.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען טרויער און שמערץ איבער דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פריינדינע מרת בעלענזאָהן, געשטאָרבען פון דער שרעקליכער מגפה. מרת בעלענזאָהן איז געוועזען זעהר באַליעבט אין בר. און איבער דער גאַנצער שטאָדט פאַר איהרע וואוילטעטיגע אַרבייט. מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטע סימפּאַטיע צו איהר מאַן און איהר ברודער.

ח. פעלמאַן, סעק. בר. 505.

מיר באדויערען דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער מעמבער, מרס. מ. שערמאן, די באליעבטע פרוי פון פריינד ה. שערמאן.. אין דעם טויט פון מרס. שערמאן האט בר. 14 פארלארען איינע פון איהרע עלטסטע מעמבערס און איינע פון איהרע איבערגעגעבענסטע מעמבערס. מיר דריקען אויס אונזער הערצליכע סימפאטי צו איהר מאן און זוהן. אויך דריקען מיר אויס אונזער טיעפסטען מיטגעפיהל מיט פר. פ. קארב איבער דעם טויט פון זיין פרוי, וואס האט איהם איבערגעלאזען מיט דריי קליינע קינדערלאך.

ר. ס. גאלדמאן, סעק. בר. 14.

---

מיט צובראכענע הערצער באוויינען מיר דעם טויט פון אונזער מיטגליעד לואיס בארענשטיין און מיטגליעד'ס פרוי פעני סאנטשיק און דריקען אויס אונזער טיעפסטע סימפאטיע צו זייערע פאמיליעס.

בר. 355, מ. טאבים, סעק.

---

אלע מעמבערס פון גערשוני בר. 240 א. ר. דריקען אויס זייער טיעפסטען טרויער און שמערץ איבער דעם שרעקליכען פארלוסט וועלכען די מגפה האט אנגעמאכט אין אונזערע רייהען. מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטע סימפאטיע צו פריינדין מרס. בראון אויף דעם פארלוסט פון איהר מאן הערדי בראון. מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען טרויער אויף דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער מעמבער פר. א. סינקאף. מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטע סימפאטיע צו זיין פרוי און קינד. מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען טרויער איבער דעם פארלוסט פון פר. הערדי קאהן און זיין פרוי. מיר דריקען אויס אונזער סימפאטיע צו זייער פאמיליע און פריינדע.

מ. קאפלאן, סעק, גערשוני בר. 240 א. ר.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען טרויער און שמערץ איבער דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פריינד ל. סטופניצקי, און אונזער טיעפסטע סימפאטיע צו זיין פרוי און פאמיליע. אויך דריקען מיר אויס אונזער טיעפסטע סימפאטיע צו אונזער פריינד הערי קליין אויפ'ן פריהצייטיגען טויט פון זיין יונגע באליעבטע פרוי. אויך דריקען מיר אויס אונזער טיעפסטע סימפאטיע צו אונזער פריינד סעם צימערמאן אויפ'ן פריהצייטיגען טויט פון זיין יונגע באליעבטע פרוי. מיר באדויערען זעהר וואס די לויה האט געמוזט זיין דעם זעלבען טאג און עס איז געווען אונמעגליך אנצוזאגען די מעמבערס וועגען דיעזען פאל.

אין טרויער

בר. 312 א. ר. ל. מארקוס, סעק

---

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען טרויער איבער דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער געוועזענעם ברענטש סעקרעטער מאיר שאפער; וועלכער איז געווען איינער פון די ערשטע גרינדער פון אונזער ברענטש און האט אפגעגעבען זיין גאנצע ענערגיע פאר די אינטערעסען פון ארבייטער רינג. מיר דריקען אויס אונזער גרעסטע סימפאטיע צו זיין פרוי און קינד, ווי אויך צו זיינע שוואגערס, וועלכע זיינען אלע טרייע מעמבערס אין אונזער ברענטש.

ק. רימער, סעקרעטער בר. 71 א. ר.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען טרויער אויף דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזערע צוויי פריינדע אהרן און רבקה סלוצקי, געשטארבען ביידע אין איין וואך פון דער שרעקליכער מגפה, — צוויי פריינדע, וועלכע האבען געשטרעבט צו א שעהנערען און בעסערען לעבען, אבער ליידער האט דער שיקזאל זיי אוועקגעריסען פון אונז.

בען צוקערמאן, ישראל טאמאוויץ, מייעראוויץ, רעז. קאמ. בר. 105.

---

# פון אונזער קארעספאנדענץ-טיש

ווערטער פריינד רעדאקטאר!

לעזענדיג „דער אידישער ארבייטער און די קאאפעראטיווען" אין נאוועמבער נומ. „פריינד", בין איך געווארען "אייפערזיכטיג" אויף די ברענטשעס: 43, 88, 149 און 501 א. ר., פאר זייער העכסט ווילקאמענען פלאן פאר א קאאפעראטיווע בעקעריי אין ניו יארק, און וויל אויסנוצען דיעזע גינסטיגע געלעגענהייט צום קרעדיט און וואוילפארדיענטע אנערקענונג פאר בר. 139 און בר. 11 א. ר., אלס די איניציאטארס און גרינדער פון דער שוין עקזיסטירענדער און פיעל פארשפרעכענדער „קאאפעראטיווע בעקעריי אין בראנזוויל און איסט ניו יארק, אינק."

די געשיכטע פון אונזער בעקעריי, אין קורצען, איז — לויט פראטאקאל — ווי פאלגט: א פאראייניגטער מיטינג פון ביידע ברענטשעס, בר. 11 און בר. 139, איז גערופען געווארען דעם 29טען מערץ 1918, און א 15נער קאמיטע, פאר זאפארטיגע נויטיגע ארבייט, איז ערוועהלט געווארען פון די פריינדע: מ. ספעקטאר, י. פאסקאוו, ש. גינזבורג, נ. דובדאוו, מ. מייסטער, ת. סטופף, מ. שמעיאנוק און ה. בראדסקי פון בר. 11, און ל. ליפשיטץ, מרס. י. פינקעלמאן, מ. גאלדמאן, ר. פערזיגער, פ. טייטעל (ע"ה), מ. לעווי און וו. אייזנער פון בר. 139. אלס בעאמטע פאר דיעזער ארגאניזאציאן זיינען ערוועהלט געווארען איינשטימיג: מ. ספעקטאר, פרעזידענט; י. פינקעלמאן, וויס פרעזידענט; ש. גינזבורג, פינ. סעק.; ה. בראדסקי, טרעזשורער און וו. אייזנער, פראטאקאל סעקרעטער. טראסטיעס: י. פינקעלמאן, מ. גאלדמאן און ש. גינזבורג.

ביידע ברענטשעס האבען אויסגעצאהלט צו 25 דאל. פאר די ערשטע נויטיגע עקספענסעס און דעם 2טען מאי זיינען מיר שוין געוועזען געטשארטערט, און דעם 15טען דזשון זיינען „מיר" שוין געוועזען „רעגעלע" ב ו י ק ע ר ס. כן ירבו!

איינצעלהייטען, אויף פארלאנג, מיט פארגעניגען.

אין דער האפנונג, אז דיעזע, ווען אויך פילייכט ניט באשיידענע, אבער אין גוטער אבזיכט פארפערטיגטע באקאנטמאכונג, וועט פארעפענטליכט ווערען אין יאנואר נומער „פריינד", פארבלייב איך

מיט פריינדליכען גרוס

וו. אייזנער, קאר. סעקרעטער.

---

## א בריעף פון דעטראיט

דעטראיט איז באוואוסט אלס א גרויסע אינדוסטריעלע שטאדט מיט צעהנדליגע פאבריקען, און צוליעב דעם, וואס מאנכע ארבייטער פארדיענען זעהר גוט, האט דעטראיט א געוואלטיגע צוציהונגס־קראפט. עס האלטען אין איין ארייננשטראמען אהער הונדערטער און טויזענדער ארבייטער, און פאר די לעצטע צוויי־דריי יאהר איז דעטראיט געווארען איינע פון די גרעסטע שטעדט אין לאנד מיט א מיליאן באפעלקערונג. צווישען זיי געפינען זיך ארום 60-70 טויזענד אידען און צווישען דיעזע צאהל אידען געפינען זיך ארום 10-15 טויזענד אידישע ארבייטער. פון דיעזער צאהל אידישע ארבייטער איז בלויז א קליינע צאהל ארגאניזירט. נאר א קליינער פראצענט באלאנגט צו די צוויי סאציאליסטישע ברענטשעס, צום ארבייטער רינג און צו די יוניאנס, די איבעריגע זיינען צוזייהט און צושפרייט. אונזער גאנצע ארבייט, אונזער פראפאגאנדא, האט ניט געהאט דעם געווינשטען ערפאלג דערפאר, ווייל מיר האבען ניט געהאט קיין צענטער — קיין היים, פון וואנען מיר זאלען קענען אנפיהרען אונזער ארבייט. מיט איין ווארט, א לייבאר לייסעאום. מיר האבען ניט געהאט קיין פלאץ וואוהין צוזאמענצוברענגען די מאסע, און דאריבער האט זיך אונזער ארבייט ניט אנגעזעהן. אבער אלעס איז ביז א צייט: דעם ערשטען סעפטעמבער איז ביי אונז געלעגט געווארען דער ווינקעלשטיין פון אונזער לייבאר לייסעאום, מיט דעם סאציאליסטישען דזשאדזט גענ. פענקין אלס פעסט־רעדנער. פאר דער צערעמאניע איז אפגעהאלטען געווארען א גרויסער פאראד, אין וועלכען עס האבען זיך באטייליגט ארום 2 טויזענד פערזאן. די באגייסטערונג, וואס עס האט געהערשט ביי דעם פאראד, איז געווען אויסערגעוועהנליך: עס איז געווען דער שעהנסטער און גרעסטער, וואס די אידישע גאס אין דעטראיט האט בייגעוואוינט. ווען מען איז אויף דעם פלאץ געקומען, האט שוין דארטען געווארט אן עולם פון א פאר טויזענד פערזאן. אין א קורצער צייט איז געשאפען געווארען ארום 4 טויזענד דאלאר פון מעמבערס פון דער סאצ. פארטיי, ארבייטער רינג, יוניאנס און פראגרעסיווע ארגאניזאציאנען. מיר האפען, אז זיי וועלען מיט דער צייט ווערען אויך ברענטשעס פון אר. רינג. דער לייבאר לייסעאום ווערט געבויט מיט דער הילף פון דעם איד. סאצ. ברענטש, פון די ארבייטער רינג ברענטשעס, פון דעטראיט, און עס העלפען אונז ארויס די יוניאנס, די פראגרעסיווע ארגאניזאציאנען און אונזערע סימפאטיזערס. דער לייבאר לייסעאום וועט פארטיג ווערען ניט שפעטער ווי דעם 1טען מאי 1919 און וועט קאסטען ארום 75 טויזענד דאלאר. מיר ווילען איהם האבען פארטיג צו דער קאנווענשאן פון אר. רינג, אויב עס וועט אפגעהאלטען ווערען דיעזען יאהר א קאנווענשאן. נאטירליך גיב[illegible]יעצט אוועק אונזער גאנצע צייט און ענערגיע צו העלפען [illegible]כען אונזער לאנגען טרוים פון צו האבען אן אייגענע ה[illegible]זע חיים וועט זיין דער סימבאל פון איינינקייט צווישען [illegible] ראדיקאלע ארבייטער אין דעטראיט. עס וועט זיין די[illegible]ן וואנען מיר וועלען שעפען כחות פאר אונזער ארביי[illegible]רקער און מעכטיגער צו מאכען די ארבייטער־באוועג[illegible]רקען די סאצ. פארטיי, גרעסער מאכען דעם ארבייטער רי[illegible]טיגער מאכען די יוניאנס.

א פלאץ וואו מיר וועלען קענען לעבען האבען די אר. טעם[illegible]קויפט אן אייגענע סעמעטערי, וועלכע קאסט זענ[illegible] עס איז ניט קיין פרעהליכע זאך, אבער [illegible]גק[illegible]

לואיס סילווער.

## ניו־יאָרקער אָרגאַניזאַציאָנס־קאָמיטע

(און דעם קאמפּיין פאַר 70 טויזענד ממעבערס ביז צום נעקסטען קאָנוועניטאַן).

די נ. י. אָרג. קאָמ. האָט אויפגענומען דעם קאמפּיין פאַר 70 טויזענד מעמבערס מיט דעם גאַנצען פייער און ברען פון געניטע קאמפּיינערס. די אַרבייט איז אין פולען גאַנג. און ווי עס ווייזט זיך אַרויס, וועט זי זיין ערפאָלגרייך. די באַריכטען, וואָס אונזערע קאָמיטעס ברענגען פון די ברענטשעס, זיינען זעהר ערמוטיגענד און ווי עס ווייזט אויס, וועט דער ערפאָלג זיין גרעסער ווי אונזער נאַצ. עקז. האָפט. דאָס יאָהר איז א נ ז ע ר יאָהר פאַר אונזער אַרבייט: די מלחמה איז געענדיגט און אַלע יונגע לייט קומען שוין אַהיים. יעצט איז די צייט צו אַרבייטען פאַר'ן אַ. ר. דאָס פעלד איז גינסטיג, עס איז יעצט נישטאָ קיין אורזאַכען פאַרוואָס מיר זאָלען נישט אַריינבעהמען זעהר אַ סך נייע מעמבערס. אויב די מעמבערס פון אַ. ר. וועלען זיך נור אַביסעל אָנשטרענגען, וועלען מיר קענען קומען צו דער נעקסטער קאָנווענשאָן נישט נור מיט 70 טויזענד, ווי די נאַצ. עקז. פאַרלאַנגט, נאָר מיט פיעל, פיעל מעהר. אַלזאָ, פריינדע, צו דער אַרבייט און אונזער וואונש וועט ערפילט ווערען. עס איז ווערטה צו דערמאָנען, אַז ביז יעצט האָבען מיר פאַרנאַכלעסיגט די 3טע קלאַס מעמבערס, ד. ה. די פרויען פון אונזערע מעמבערס. די לעצטע מגפה האָט אונז געצייגט, אַז יעדער פאַרהייראַטער מעמבער, וואָס זיין פרוי איז נאָך נישט קיין מעמבער אין אַ. ר., מוז זיין פרוי אויך מאַכען פאַר אַ מעמבער אין אַ. ר. ערשטענס, אויב ער האָט די עהרע צו זיין אַ מעמבער אין גרעסטען אידישען אַרבייטער אָרדען, ווארום זאָל ער די זעלבע עהרע זיין פרוי נישט געבען, און צווייטענס, איז עס אין זיינע אייגענע אינטערעסען, ווי מיר האָבען געזעהן פון דער לעצטער מגפה. ביי בר. 298 איז אַ מעמבער געשטאָרבען און שפּעטער מיט דריי טעג איז געשטאָרבען זיין קינד. די פרוי, נישט זייענדיג קיין מעמבער אין אַרבייטער רינג, האָט נישט געהאַט וואו דאָס קינד צו באערדיגען. די אַסעסמענטס פאַר אַ 3טע קלאַס מעמבער איז זעהר קליין, אונגעפעהר פון עטליכע פערציג סענט פער קוואַרטאל. די נ. י. סיטי קאָמיטע וועט באזוכען יעדען ברענטש און וועט אויך העלפען אָנפיהרען דעם קאמפּיין. וואָס מיר פאַרלאַנגען פון אייך, פריינדע, איז: נעהמט אויף אונזערע קאָמיטעס און העלפט זיי אין דער אַרבייט. מעגליך אַז מיר וועלען קומען צום נעקסטען קאָנווענשאָן נישט נור מיט 70 טויזענד מעמבערס, נאָר מיט 100 טויזענד! אַלזאָ, צו דער אַרבייט.

נ. י. סיטי אָרג. קאָמ. אַ. ר. א. לאַנגער, סעק.

## א בריעף פון באַפאַלאָ

אויב די באַפאַלאָ דיסטריקט אָרג. קאָמיטע קען געטאַדעלט ווערען פאַר איהר אונטעטיגקייט, פאַר וועלכער, אַגב אורחא, זי איז ניט אין גאַנצען שולדיג, ווען מען נעהמט אין אַנבאַטראַכט די צייט און די אומשטענדען אונטער וועלכע איהר קומט אויס צו אַרבייטען, אומשטענדען ווי די מלחמה, די שפּאַנישע אינפלוענציא און, די הויפּטזאַך, דער אידישער עלעמענט פון באַפאַלאָ, וועלכער באַשטעהט אַם מעהרסטען פון דעם קרעמערישען, אונגעוויסענדען מיטעל־קלאַס, פון וועלכען מען דאַרף דאָס קלייבען רעקרוטען פאַר'ן אַרבייטער רינג. דאָך, האָט אָבער די דיסטריקט קאָמיטע אויפגעטאָן אַ זאַך, וועלכע פאַרדיענט די אַנערקענונג פון יעדען, ביי וועמען דער אַר. רינג מיט זיינע אינסטיטושאַנס זיינען טייער און שעצבאַר, און דאָס איז, וואָס זי האָט געווירקט אויף די באַפאַלאָ ברענטשעס צו שיקען אַ פּרעזענט פאַר'ן סאַניטאַריום פון אַר. רינג, וועלכער באַשטעהט פון אַ פּראַכטפולען זייגער פאַר'ן עס־צימער.

מיר שטעלט זיך פאָר, ווי אונזער מתנה האָט דערגרייכט ליבערטי, דער זייגער באַציערט שוין דעם עס־צימער פון סאַניטאַריום, אונזערע פריינד, די קראַנקע פריינד, באַטראַכטען איהם פון אַלע זייטען, באַקוקען אַלע זיינע טיילען און ווינקעלאַך, באַוואונדערען זיין שעהנעם אויסזעהן, און אין זייערע הערצער הויבט זיך אָן, אונבאַמערקט, פאַנאַנדערגליהען דער פונק פון סאָלידאַריטעט, פריינדשאַפט און ברידערליכקייט, וועלכער איז געווען אַזוי קלאָר און דייטליך אויסגעדריקט צו זיי פון די באַפאַלאָ'ר ברענטשעס דורך דער געשיקטער מתנה. אין זייערע געדאַנקען שיקען זיי, אַהן צווייפעל, אַ הערצליכען גרוס צו די, וועלכע טראַכטען און זאָרגען פאַר זיי. עס ווילט זיך מיר גלויבען, אַז אַזאַ באַגייסטערונג הערשט ווירקליך אין דעם „גליקליכען ווינקעלע"־סאַניטאַריום.

איך זעלבסט בין אין דיעזען מאָמענט ניט נאָר צופריעדען, נאָר אויך גליקליך פון פרייד, וועלכע איך וויל יעצט טיילען מיט די אַלע, ביי וועמען סאָלידאַריטעט איז אַן אידעאַל, פריינדשאַפט אַ שטרעבונג און ברידערליכקייט אַ רעליגיאָן. פאַרנוצט עס געזונטערהייט, פריינדע פון סאַניטאַריום, דאָס איז ניט נאָר מיין אייגענער וואונש, נאָר אויך דער וואונש פון דער גאַנצער אַר. רינג פאַמיליע פון באַפאַלאָ.

איך נעהם זיך די פריהייט אויסצודריקען, אין דעם נאָמען פון דער באַפאַלאָ דיסטריקט אָרג. קאָמיטע אַלס איהר סעקרעטער, די געפיהלען פון העכסטער אַנערקענונג צו אַלע ברענטשעס פון באַפאַלאָ, וועלכע האָבען בייגעשטייערט פאַר דיעזען נאָבעלען צוועק, ווי פאָלגט: בר. 29, 10 דאַל.; בר. 435, 5 דאַל.; בר. 418, 5 דאַל.; בר. 878, 5 דאַל., און בר. 533, 5 דאַלאַר.

פר. סאָליטער פון בר. 29, וועלכער איז ספּעציעל באַגייסטערט פאַר'ן סאַניטאַריום, האָט פערזענליך בייגעשטייערט 5 דאַלאַר פ[illegible] פּרעזענט.

ב. פּאַסטאַראַף, סעק. באַפאַלאָ דיסט. קאָנ.

## וועגען אונזערע שוהלען

### אַ בריוועל צום רעדאַקטאָר

אַלס אַן הקדמה, וויל איך אייך מוסר מודעה זיין, אַז איך בין ניט פון יעניגע, וועלכע די נשמה זייערע לעכצט צו זעהען דעם נאָמען זייערען אונטער אַ פאָלקס־שטימעלע. וואָלט איך דאָס באַגעהרט, קען איך דאָס לייכט באַקומען אין דער טעגליכער און וועכענטליכער פּרעסע. כ'וויל אָבער אויסדריקען מיין מיינונג וועגען אַ וויכטיגע פראַגע פאַר מעמבערס פון אַרבייטער רינג, וועלכע זיינען אויך עלטערען פון קינדער, און ס'איז מעהר ניט ווי רעכט איך זאָל געפינען פּלאַץ אין אונזער אָרגאַן זיך דורכצורעדען וועגען דעם. יעצט צום פּונקט: אין דעם רעפּאָרט פון דער בילדונגס קאָמיטע, אין לעצטען נומער „פריינד", לעזען מיר: זיי זיינען צוגעטראָטען צו דער אַרבייט פון גרינדען שוהלען און האָבען געהאַט ספּעציעלע באַראַטונגען מיט פערזאָנען וועלכע זיינען פאַרבונדען מיט סאָציאַליסטישע סאָנדיי סקוהלס. נו אויף אַזוי פיעל וויפיעל אונזערע שוהלען וועלען זיין סאָציאַליסטיש איז וויכטיג אַ צוזאַמענרעדונג מיט טוערס פון סאָציאַליסטישע סקוהלס. אָבער וואָס הערט זיך מכח דער אידישקייט פון אונזערע שוהלען? ווארום ניט קיין ספּעציעלע באַראַטונג מיט די טוערס פון די נאַציאָנאַלע ראַדיקאַלע שוהלען, וועלכע עקזיסטירען שוין אַ היבש ביסעל יאָהרען אין ניו יאָרק און איבער'ן גאַנצען לאַנד? זאָל זיין אַז ניט מיט דעם גאַנצען פּראָגראַם זייערען קענען מיר צופריעדען זיין, אָבער אַ געוויסע ראַדיקאַלע אידישע ערציהונג ווערט דאָך דאָרט געגעבען. ווארום־זשע ניט אַ בליק טון אין יענעם ווינקעל? אפשר וועט דאָס אונז צוניץ קומען. כ'ווייס ניט ווי איהר אַליין, פאַני רעדאַקטאָר, באַציהט זיך צו די אידישע למודים פון אונזערע קינדער. אָבער ס'איז דאָך קיין סוד ניט, אַז אויסער דעם וואָס אַ גרויסער טייל פון אַרבייטער רינג מעמבערס גיבען איבער זייערע קינדער צו די אַלט־מאָדישע מלמדים און תלמוד תורות, געפינען זיך נאָך אויך פיעלע ענטוויקעלטע מעמבערס וועלכע ווילען אַז זייערע קינדער זאָלען ניט נור זיין סאָציאַליסטען, נאָר טאַקע און הויפּטזעכליך אידישע סאָציאַליסטען, זיין באַקאַנט מיט דער שעהנער גרויסמוטיגער אידישער געשיכטע און אידישע קולטור, מיט וועלכע מיר האָבען זיך ניט צו שעהמען פאַר אונזערע קינדער אפילו אַלס סאָציאַליסטען. זיי דאַרפען און מוזען אויך זיך דערוויסען אַז מיר פאַרמאָגען אויך אַן אַלטע אָבער אַ שעהן־קלינגענדע שפּראַך, אויף וועלכער עס זיינען אויסגעדריקט געוואָרען די שעהנסטע פּערלען פון דער ליטעראַטור. דאָס אין העברעאיש. און אויב, ליידער, זיי וועלען ניט האָבען די מעגליכקייט צו באַזיצען פאָלקאָם דעם העברעאיש, זאָלען זיי אַמווועניגסטען האָבען אַ בעגריף פון דעם. דאָס אַלץ, פאַני רעדאַקטאָר (אויב איהר ווילט, זאָל זיין פריינד רעדאַקטאָר) פאָדערען פיעלע פון אונזערע טויזענדע מעמבערס, און ווילענדיג אָדער ניט וועט איהר מוזען געבען אַן ענטפער אויף דעם.

חיינט ווארום זשע ניט נעמען אין אַנבאַטראַכט די שוין עקזיסטירענדע נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע, אָדער ווי זיי רופען זיך יעצט, אידישע פאָלקס־שוהלען, פון וועלכע מען וואָלט פיעלעס געקענט איבערנעמען? אויב עס איז געוועזען ערלויבט דעם פרומען תנא ר' מאיר צו געניסען פון דער לעהרע פון אַזאַ גרויסען אַפּיקורס, אָבער געלעהרענטען, אלישע בן אבויה (אחר) און האָט אָנגעווענדעט דאָס מיטעל: „תוכו אכל וקלפתו זרק," ווארום זאָל אונז, פרומע סאָציאַליסטישע חסידים, ניט זיין ערלויבט צוקוקען זיך צו די למודים פון די צעהנדליגע ראַדיקאַלע שוהלען פון לאַנד און דאַן פאַרשטעהן וועלכעס צו באַזייטיגען און וועלכעס אָנצונעהמען?

עטוואָס מוז דאָך געטון ווערען אַז אונזערע קינדער זאָלען ניט ווערען אַזוי פאַרפרעמדט פון אונז און פון דעם אַלטען היסטאָרישען פאָלק. און אין אונזערע שוהלען מוז דאָך אַריינדרינגען אויך דער נייער גייסט פון אידישקייט אויף וויפיעל מיר פּאַסען דאָס אויף ביי דער יעצטיגער נייער צייט פון דער אידישער אויפלעבונגס־באַוועגונג.

מיט אידיש־סאָציאַליסטישען גרוס
מ. בעזין, בעיאָן, נ. דזש.

רעדאַקציאָנס־באַמערקונג: מיר זיינען כמעט איינגאַנצען איינשטימיג מיט פר. בעזין און קענען צוגעבען, אַז אונזערע אַ. ר. שולען, וואָס מיר האָבען יעצט געגרינדעט אין ניו יאָרק, האָבען טאַקי איבערגענומען פון די נאַצ. ראַדיקאַלע שולען אַ היבשען טייל פון זייער פּראָגראַם, תגם אין אַנדערע הינזיכטען מעגען זיך די נאַצ. ראַדיקאַלע שולען לערנען ביי אונז.

To the Postmaster:—Please give key number on all notifications pertaining to change of address.




אפיציעלער אָרגאַן פון אַרבייטער רינג

# זאָל עס זיין פינף און זיבעציג טויזענד!

## אינהאַלט:



# THE FRIEND

OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMEN'S CIRCLE

FEBRUARY, 1919  1919 פעברואר

# THE FRIEND

OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMEN'S CIRCLE

Published Monthly

ABRAHAM EPSTEIN, National Chairman
S. WALLACE, National Vice Chairman

J. BASKIN, General Secretary
P. GELIEBTER, Recording Secretary

I. B. BAILIN, Managing Editor

Office of Publication:
62 Van Buren Street, Passaic, N. J.
General Office:
175 E. Broadway, New York, N. Y.



Subscription Rates:
Per Annum, 50c. Six Months, 25c.
Single Copy, 5 cts.

Entered as second class matter April 21, 1911, at the Post Office at Passaic, N. J.

# באַלד נעהמען זיך אויס

די זיבען ביכער פון דער 1918 לייברערי. עס זיינען נאָך געבליבען עטליכע הונדערט סעטס, אָבער צוליעב דעם, וואָס די נאָכפראַגע איז גרויס און פיעלע מיטגליעדער וועלען בלייבען אָהן די ביכער, וואָרענען מיר זיי:

## אָרדערט גלייך!

שפּעטער, מעגליך, וועט איהר זיי שוין נישט קענען קריגען. בעט ביי אייער סעקרעטער און ער וועט אייך צייגען דעם סעט פון די וויסענשאַפטליכע ביכער, וואָס מיר גיבען אייך, אַלס מעמבער פון אַרבייטער רינג, פאַר צוויי דאָלער. פאַר נישט קיין מעמבערס איז דער פּרייז פיער דאלער.

---

צוליעב דעם וואָס אונזער אַדרעסינג-מאַשין האָט זיך צובראָכען און עס דאַרף דויערען אַ מאָנאַט ביז מיר וועלען קריגען אַ נייע, וועט לײדער עטוואָס פאַרצויגען ווערען די קאָרעקשאנס וואָס זיינען אונז אַריינגעשיקט געוואָרען, אויף אַ קורצער צייט.

---

# וויכטיג פאַר געזאַנגס-פאַראיינען!

די ערשטע פינף נאָטען-בלעטער פון אונזער מוזיקאַלישע אַ. ר. לייברערי זיינען שוין אַרויס פון דרוק. פינף שעהנע, רעוואָלוציאָנערע ליעדער אין פיער שטימען **פאַר געמישטע כאָרען.** פּראַכטפולע מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציעס און פאָרטרעפליכע אַראַנזשירונג פון י. שייפער.

די ליעדער זיינען פאָלגענדע: **אָ, פרייהייט,** פון ש. פרוג. פרייהייטס-סאָלדאַטען, פון מאָריס ראָזענפעלד. **ברידער ערוואַכט!** פון יואל סלאָנים, און **די אַקערסט און די זייעסט,** פון הערוועגה, און **די בונדישע שבועה,** פון ש. אַנ-סקי.

**פּרייז 15 סענט** פער ליעד. דער גאַנצער סעט 75 סענט שוין מיט פּאָרטאָ

פאַר נישט מעמבערס $1.00.

אַרויסגעגעבען פון דער **עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע פון אַרבייטער רינג.**

**געדענט, נישט זיבעציג, נאָר פינף און זיבעציג טויזענד!**

THE FRIEND



דער פריינד

Vol. X | FEBRUARY, 1919 | No. 2

# פון מאנאט צו מאנאט

**נישט זיבעציג, נאר פינף־און־זיבעציג טויזענד**

דעטראָיטער קאָנווענשאן איז געווען דער אידעאל פון דער עקזעקוטיווע, ווען זי האָט געעפענט דעם מעמבערשיפ־קאמפיין. עס איז געווען א דרייסטער און פיעל וואגענדער רוף, וואָס האָט מעגליך געקענט מאַכען פיעל פון אונזערע „ניכטערע" רעאליסטען און איבערלעגטע קעפ פיעל באדייטענד שמייכלען, אין בעסטען פאַל צו ציהען מיט די אקסלען. איינגעהילט זיינען נאָך געווען די האָריזאָנטען מיט דיקע פינסטערע כמארעס. דער בלאנקענדער שווערד פון מלחמה איז נאָך געהאנגען, ווי א סטראשידלע איבער'ן קאָפּ, פאָכענדיג אין אלע זייטען. און עפּעס ווי כדי צו מאַכען נאָך שווערער דעם געמיטה און צובראָכענער דעם גייסט און קערפּער האָט נאָך די מגפה אויף אונז אראָפּגעגידערט. ווי מיט א שארפער קאָסע האָט זי זיך אריינגעשניטען צווישען אונז און ברוטאל זיך אויסגעלאכט פון אלע אונזערע חשבונות און פּלענער. עס האָט זיך שוין כמעט, אין יאוש, געדאכט, אז נישט נור וועלען מיר נישט קענען קומען מיט אזא פארגרעסערטער מיטגליעדערשאפט, ווי זיבעציג טויזענד, נור מיר וועלען נאָך קומען מיט שיטערערע רייהען, ווי צו דער פּיטסבורגער קאָנווענשאן... די שווארצע פאנטאזיע האָט געמאָלען שרעקענס־געשפּענסטער איינע כמארנער פון דער אנדערער און פאר די אויגען איז נאָך אַלץ געשטאנען, עפּעס אזוי ווי צו רייצען זיך מיט אונז, דער רוף פון אונזער עקזעקוטיווע פאר זיבעציג טויזענד מעמבערס ביז דער קאָנווענשאן.

ווי שנעל אָבער די גאנצע סיטואַציאָן האָט זיך געענדערט! ווי נאָר די מגפה האָט זיך איינגעשטילט א ביסעל און די מלחמה האָט איהר לעצטען טוידטליכען אָטעם אויסגעהויכט, האָבען זיך גלייך גענומען אויסריכטען די רייהען פון אונזערע באוועגליכע גייסטער און די לעבעדיגסטע, מיט קאמף־שפּרודלענדע פריינדע, האָבען זיך א ווארף געטון צו דער ליעבער, דאנקבארער ארבייט. נישט גאָר גרינג איז עס געווען פון אָנהויב אראָפּצוטרייסלען פון זיך די אפּאטיע. אָבער אונזערע בראווע קעמפער האָבען עס באוויזען. אין די צעהנדליגער און הונדערטער האָבען אָנגעהויבען אריינצושטראָמען די נייע מעמבערס. אונזער ארבייט בכלל און אין דער צייט פון דער מגפה בפרט איז נישט געבליבען א סוד פאר קיינעם. דערפאר האָבען שוין געזאָרגט אויסער די אומשטענדען אויך אונזערע ענטוזיאסטישע און מיהזאמע טוערס.

עס איז יעצט באשאפען געוואָרען אַן אטמאָספערע, וואו צעהנדליגע און הונדערטע ראדיקאל־געזינטע מענשען ווארטען נאָר אויף דער געלעגענהייט איהר זאָלט צו זיי קומען און אנרעגען זיי אריינצוגעהן אין ארבייטער־רינג. זיי ווייסען יעצט גענוי, וואָס מיר זיינען און וואָס מיר טוען. אונזער עקזעקוטיווע האָט דעריבער געפונען פאר נויטיג גלייך צו באזייטיגען די באריערע פון 70 טויזענד, וואָס מיר האָבען זיך געשטעלט פריהער, אלס אידעאל, איבערצייגענדיג זיך, אז אונזער שוואונג איז א פיעל העכערער, אז דער סטיכישער אימפּעט און לעבענסקראַפט פון דער אָרגאניזאציאָן וועט אונז אוועקטראָגען פיעל ווייטער איבער דער ליניע פון זיבעציג טויזענד, אויב נור אלע מעמבערס, ווי איינער, וועלען ערפילען זייער פליכט.

אונזער טארמאזירטער און מיט פיעל שטרויכלונגען באגעגענטער קאמפּיין־וואָגען האָט זיך ענדליך ארויסגעריסען פון צווישען די שטיינער און דערנער און ראָלט יעצט מיט אַן אימפּעטיגער שנעלקייט אויף א פרייען. וועג. ווער קען עס זיך יעצט שטעלען אין זיין מעכטיגען לויף? ווער וועט עס איהם יעצט וואגען שמאָלע גרעניצען אָנצוצייכענען און פענטען איהם צו אן ענגען האָריזאָנט? זאָל עס זיין **פינף־און־זיבעציג טויזענד**! א שעהנער חלום, א הערליכער ציעל, א ברייט ארומנעמענדער האָריזאָנט. אָן אייך, פריינדע, אָן **יעדען איינציגען** פון אייך ווענדט זיך צו מאַכען פון דיעזען שעהנעם חלום א רעאלע ווירקליכקייט. זאָל עס זיין **פינף־און־זיבעציג טויזענד**!...

* * *

**דער סאניטאריום־טאָג**

דעם צוועלפטען פעברואַר ווערט ניין יאָהר זינט מיר האָבען געגרינדעט אונזער סאניטאריום. פאר **דער** צייט זיינען מיר אויסגעוואקסען פון אן אָרגאניזאציאָן פון 31 טויזענד מיטגליעדער צו א ריעזיגער קערפּערשאפט פון ארום 67 טויזענד מיטגליעדער. אויב עס האָבען צו דעם פיעל בייגעטראָגען די אונאויפהערליכע אָרגאניזאציאָנס־ארבייטען פון די אונערמיעדליכע א. ר. טוער אויף די ערטער און דער נאָרמאלער וואוקס און ענטוויקלונג פון יעדען לעבענספעהיגען אָרגאניזם, האָט די עקזיסטענץ פון דעם סאניטאריום אליין אויך דערצו נישט קיין קליינעם חלק בייגעשטייערט. דער סאניטאריום איז געוואָרען איינער פון אונזערע העכסטע טורמען, וועמענס קופּאָלען עס שטראַהלען מיט מענשליכער ווארעמקייט און ברידערליכער הילף; איינע פון אונזערע וויכטיגסטע אינסטיטוציעס אין קאמף מיט דער הילפסלאָזיגקייט פון אונזערע אומגליקליכע פריינד, איינער פון די אויפטואונגען, וואָס טיילט אונז אוים פון די איבעריגע אידישע גרויסע אָרדענס. נישט קיין וואונדער, וואָס אונזערע אקטיווע ברענטשעס פייערען דעם 12טען פעברואַר אלס א גרויסען א. ר. יום־טוב און זאמלען יעדען יאָהר היבשע סומען דורך איהם פאר דעם סאניטאריום פאָנד. לעצטען יאָהר האָט די סאניטאריום קאמ., אין איינקלאנג מיט דער גאנצער גענעראל־עקזעקוטיווע, באשלאָסען איבערצוגעבען אלע איינקינפטע פון דעם יום־טוב אין דעם טאָג צו דעם פאָנד פון דער פּיפּעלס־רעליעף, וואָס דער א. ר. האָט געזאמעלט.

דאסזעלבע האט די סאניטאריום קאמיטע באוויליגט אויך היינטיגען מאל. אלע איינקינפטע װעלען געהן פאר'ן פינף און צוואנציג טויזענד דאלאר פאנד, וואס דער א. ר. האט זיך אונטערגענומען צו שאפען פאר די מלחמה־קרבנות.

ווייזט זשע וואס איהר קענט, איהר צעהנדליגע אקטיווע ברענטשעס איבער'ן גאנצען לאנד! די פארבינדונג פון אזעלכע צוויי שעהנע באגריפען דארף ארויסרופען ביי אייך יענעם שוואונג פון ענערגיע און ערהויבונג פון גייסט, וואס מאכען מענשען ברענגען שווערע קרבנות...

* * *

**דער דריטער צוזאמענפאהר פון דער נ. ב. אף ד.**

אין אן אנדער פלאץ אין דעם נומער וועט דער לעזער געפינען די פראטאקאלען פון דעם דריטען צוזאמענפאהר פון די דירעקטארען פון אונזער נאציאנאלען באארד, וואס איז אפגעהאלטען געווארען אין ניו־יארק, דעם 27טען, 28טען און 29טען דעצעמבער. אונזערע מעמבערס קענען קריגען א צימליך גוטען באגריף וועגען דער אלזייטיגער טעטיגקייט פון אונזער ארדען פון אט די פראטאקאלען, ווי טרוקען זיי זאלען נישט אויסזעהן אויפ'ן ערשטען בליק. נישט נאר געהען אדורך פאר די אויגען, דורך די באריכטען פון די פארשיעדענע קאמיטעס, די טעטיגקייטען פון דער ארגאניזאציאנס־קאמ., אפיס קאמ., בענעפיט קאמ., גריוועגס קאמ., סאניטאריום קאמ. און פון דער עדיוקיישאנאל קאמ., נור אויך די פריינדליכע, זעלבסט־אנאליטישע קריטיק, וואס צייכענט אזוי אויס יעדע קרעפטיגע און ענטוויקלונגס־פעהיגע ארגאניזאציאן.

הויפטזעכליך ציהען מיר די אויפמערקזאמקייט פון אונזערע לעזער אויף די פארשיעדענע רעקאמענדאציאנען, וואס דער נאציאנאלער באארד וועט פארלעגען פאר דער דעטראיטער קאנווענשאן.

כדי צו קענען געבען אדורכגעטראכטע און גענוי־געוואוינע אינסטרוקציאנען צו די דעלעגאטען, איז נויטיג שוין אויפצונעמען די אלע פראגען פאר א גרינדליכער דיסקוסיאן.

דריי מאנאטען זיינען אין גאנצען פארבליבען צו דער קאנווענשאן און סיידען מיר וועלען זיך גלייך נעמען פאנאנדערקלייבען אין אלע פראגען, וואס וועלען מעגליך קומען אויפ'ן טאגעס־ארדנונג, וועלען מיר קענען געניסען פון דעם מאקסימום רעזולטאטען, וואס אונזערע קאנווענשאנס דארפען אונז געבען.

* * *

**פינקטליכקייט איז נישט ביוראקראטיע**

עס קען זיך טאקע אפדוכטען אמאל א סעקרעטער, ווען דער אפיס קעהרט איהם צוריק אום א גאנצען פעקעל מיט קראנקען־סערטיפיקייטס, וואס זיינען נישט ווי געהעריג אויסגעמאכט אז דער אפיס געברויכט צו פיעל קליפערלאך, צו פיעל אונ־נויטיגען פעדאנטיזם, צו פיעל איינצעלהייטען, וועלכע זיינען גארנישט נויטיג אויפ'ן ערשטען בליק. דאס איז אייגענטליך ביי אונז געווען א שטענדיגע צרה. פיעלע פון אונזערע סעקרעטערע האבען שטענדיג געזינדיגט געגען די רולס. פון אפיס און האבען געגעבען צו לייזען דעם פאסט־אפיס פאר סטעמפס הין־און־צוריק. אונפינקטליכע „סיק־סערטיפיקייטס" האבען אימער געדארפט נאך אמאל אדורכמאכען די לאנגע רייזע פון אפיס צום סעקרעטער און צוריק.

צוליעב דער עפידעמיע פון שפאנישער אינפלוענציע און צוליעב דעם, וואס עס איז אונמעגליך געווען פאר קאמיטעס צו באזוכען די קראנקע, האט דער אפיס צייטווייליג פארבויגען אויף די רולס. דאס איז אבער געווען נור אויף א קורצער ווייל. אויב מיר זאלען ווייטער אזוי אנגעהן און אננעהמען סיק־סערטיפיקייטס אהן נויטיגע אונטערשריפטען פון דאקטאר און קאמיטעס, וועלען מיר צושטערען דעם גלייכגעוויכט פון אונזער קראנקען־פאנד און לאזען פרייע טירלאך פאר מיסברוי־כען מיט אונזערע פאנדען. קיין אפיס אין דער וועלט, וואס איז נאר נישט געשטעלט אויף הפקר־פיעטרעשקע פרינציפען, טאר אזעלכעס נישט צולאזען.

פינקטליכקייט איז נישט קיין ביוראקראטיע. גראדע פאר־קעהרט — אין א ביוראקראטישער קאנצעלאריע קענט איהר גראד זיך אדורכשטופען מיט ווייניגער פארמאליטעטען, אויב איהר וועט דארטען האבען א „פול", אדער איהר וועט „שמירען". אמת'ע פינקטליכקייט און גענויקייט, וואס איז באזירט אויף עהרליכע נויטיגע אינפארמאציע, איז דער געגענזאץ פון ביורא־קראטיע און פוסטע פארמאליטעט. אונזערע פריינדע, א־בערהויפט די סעקרעטערע, זאלען עס שטענדיג געדענקען.

* * *

**דער זיעג און קאמף פון די שניידער**

מיט א רוהיגען געמיטה האבען מיר בא־טראכט דעם גאנג פון דעם העלדישען קאמף, וואס די שניידער־ארבייטער, ארגאניזירט און געפיהרט פון דער אמאלגאמייטעד קלאדהינג וואירקערס, האבען אדורכגעמאכט. דער גלענצענדער זיעג איז פאר אונז נישט געקומען גאר אונערווארטעט. אזא מוסטער־האפט־דיסציפלינירטע ארמיי, אין שטרייט פאר א זאך, וואס האט באגייסטערט א גאנצען דור קעמפער, געפיהרט פון אזעלכע אויסגעצייכענטע און איבערגעגעבענע פיהרער — האט אנדערש נישט געקענט ווי נאר זיעגען.

דער פולשטענדיגער אכט־שעה'דיגער ארבייטס־טאג אין דער פארמע פון 44 שטונדען א וואך איז אלזא מיט שטורעם ערא־בערט געווארען ביי די מענער־שניידער און מיר זיינען אזוי גוט ווי זיכער, אז דאס וועט דיענען פאר א שטורעם־סיגנאל צו די איבעריגע פאכען, וואס זיפצען נאך אונטער דער לאסט פון לאנגע ארבייטס־טעג.

שוין האט א ריעזיגע אפטיילונג פון דער „אינטערנעיש־נאל ליידיעס גארמענט וואירקערס יוניאן" ארויסגעמארשירט צום פראצענט פינף און דרייסיג טויזענד שטארק פאר כמעט עהנליכע פאדערונגען. זייער קאמף וועט שוין געוויס אזוי לאנג נישט דארפען דויערען. די מוטיגע פיאנערען פון דער „אמאלגאמייטעד" האבען די שטארקסטע פאזיציעס אדורכגע־בראכען און אלע קעמפע, וואס וועלען נאכקומען, וועלען פיעל פארלייכטערט ווערען.

ביי דער געלעגענהייט באנוצען מיר זיך ברידערליך צו באגריסען דעם נייעם צענטראלען ארגאן פון דער א. ל. ג. וו. י. „גערעכטיגקייט", וואס האט גלייך ביי זיין ערשטע

# פינף און זיבעציג טויזענד מעמבערס ביז דער דעטראיטער קאנווענשאן!

ארויסטריט באקומען דעם באפטיזם פון קאמף. אין די הענט פון אזא אויסגעפרובטען קעמפער ווי גענאסע יאנאווסקי, איז די שעהנע ענטוויקלונג פון דעם וועכענטליכען זשורנאל ווי געזיכערט.

* * *

**אונזער ארבייטער־קאנגרעס**

דער בעסטער סימן, אז דער ארבייטער־קאנגרעס איז געווען אן ערפאלג איז די אויפנאהמע, וואס די באלעבאטישע פרעסע האט איהם געגעבען, און דעם „לעצט־געלד", מיט וועלכען זי האט איהם מכבד געווען. די געשרייען פון „פערראט" און „שונאי־ישראל", די זלזולים אויף איניגע פיהרער און טאן־געבער פון דער אידישער ארבייטער־באוועגונג, די צייהן־קריצעניש און ליפען־בייסעניש — זיינען די בעסטע באווייזע, אז עפעס איז געטון געווארען פון די אידישע ארבייטער, וואס איז נישט לויט דעם געשמאק און די אינטערעסען (און אפשר דארף מען שטעלען בעסער די אינטערעסען און געשמאק) פון די געדונגענע און האלב־געדונגענע לאקייען פון אונזערע באלעבאטים.

עס איז געלונגען איין מאל פאר אלע מאל פעסטצושטעלען די מיינונג פון דער מאיאריטעט פון אונזער ארגאניזירטער ארבייטערשאפט בנוגע דער פאלעסטינא פראגע, וואס האט לעצטענס, צוליעב דעם באמבאסטיש־דעמאגאגישען געקלאפער, פיעל מוחות פארטויבט און מעהרערע מטושטש געמאכט. פאלעסטינא איז, לויט דער גרויסער מאיאריטעט, אנערקענט געווארען אלס א לאנד (איינע פון די לענדער), וואו מיר דארפען זיך ערווערבען נאציאנאלע רעכט, און נישט אלס די *איינציגע* לאנד, וואס אין איהר איז פארזיגעלט דער גורל פון אידישען פאלק.

עס איז געפונען געווארען פאר וויכטיג אנצוהאלטען דעם פאראייניגטען אידישען ארבייטער־ארגאן, די נאציאנאלע ארבייטער קאמיטע, אום אדורכצופיהרען די באשטימונגען פון קאנגרעס וועגען אימיגראציע, מעמאראנדום צום אינטערנאציאנאל און אלוועלטליכע אידישע־ארבייטער־קאנפערענץ און אלע אנדערע פראגען, וועלכע וועלען ארויפשווימען אויף דער אויבערפלעכע.

די האלטונג פון די פראקציאנען אויפ'ן קאנגרעס, מיט דער אויסנאהמע פון איינינע היץ־קעפ, איז געווען פון דעם מין, וואס רופט ארויס א טיעפע אכטונג צו זייערע פיהרער און זאגט עדות אויף דער אינעלעקטועלער רייפקייט פון די אידישע ארבייטער.

* * *

**די נייע ארבייטער־פארטיי**

דאס, וואס די ארגאניזירטע ארבייטער פון די יוניאנס האבען זיך ענדליך ארומגעזעהן, אז זיי מוזען זיך ארגאניזירען אין א *זעלבסטשטענדיגער* ארבייטער־פארטיי איז אהן שום ספק איינע פון די ערפרעהענדסטע סימנים פון א רעוואלוציאנערער ערוואכונג ביי די אמעריקאנער ארבייטער. דאס, אבער, וואס איז פאר אונז *אינטערעסאנט* אלס *סימפטאם* פון עפעס, וואס מוז אונפארמיידליך קומען, מאכט נאך נישט פאר אונז פולשטענדיג *צופריעדענשטעלענד* אלס א *פארענדיגטע* זאך. אויב די ענטוויקלונג פון דער נייער פארטיי וועט געהן לויט דער ריכטונג, וואס זי האט אנגעצייכענט אין איהר גאנץ ראדיקאלען פראגראם, וועט, אין גיכען, וואהרשיינליך מעגליך ווערען א צוזאמענארבייטונג און א דערנעהנטערונג פון דער שוין לאנג עקזיסטירענדער ארבייטער־פארטיי, די סאצ. פארטיי און דער ניי־געגרינדעטער פארטיי. מיר מעגען זיך פארגינען צו האפען, אז *אזוי* וועט עס זיין. אבער אויף דעם *בויען* און אויף *דעם סמך* אויפלעזען אונזער פארטיי, וואס איז געבויט געווארען מיט אזוי פיעל מיה און מסירת נפש, טאר מען נישט.

אונזער סימפאטיע קענען מיר בויען אויף דעם פראגראם און איינדריקע, וואס מיר האבען באקומען פון איהר קאנוועגשאן און פיהרער, אבער אונזערע אקציאנען און אקטועלע פארטיי־באציהונג מוזען ווערען באזירט אויף אונזער ערפאהרונג. עס וועט קומען א וואהל־קאמף. די ארבייטער־פארטיי וועט ווערען געשטעלט אויפ'ן פראביר־שטיין נישט נאר דורך איהרע הבטחות, נאר דורך איהרע האנדלונגען אין קאנקרעטע פאלען. דאן וועט קלאר ווערען פאר אונז צי איז עס נאר אן איבער'חזר'ונג פון די אמאליגע קקיון־דיונה־פארטייען, וואס זיינען איבער נאכט פארשוואונדען, אדער עס איז טאקע א ניי־ענטשטאנענע מאכט, וואס האט אויפגעפאסט אונזערע אידעאלען און איז געקומען צו שטעהן און ארבייטען מיט אונז האנד אין האנד. מיר *ווילען* האפען, אז דאס לעצטע איז אמת.

* * *

**גלייכבארעכטיגונג און נאכלעסיגקייט**

א גרויסע אנשטרענגונג ווערט יעצט געמאכט ביי אלע אידישע נאציאנאלע ארגאניזאציעס אין אמעריקא צו ערווערבען *גלייכבארעכטיגונג* פאר די אידען אין מזרח־אייראפא. פאר צוויי צעהנדליג יאהר האבען די אידישע ארבייטער און אינטעליגענץ אין פוילען, ליטא און רוסלאנד פארצווייפעלט געקעמפט מיט דער רוסישער רעגיערונג פאר בירגערליכע רעכט און זייערע בעסטע קינדער אין די טורמעס פארוויאנעט. איז עס נישט א פארדרוס, וואס פיעלע צווישען אונז, האבענדיג שוין די מעגליכקייט צו ווערען גלייכבארעכטיגט, פארנאכלעסיגען עס, און צוליעב עטליכע אנשטרענגונגען ווערען זיי ניט קיין בירגער פון דעם לאנד, נאר בלייבען דא פרעמדע און ווערען אלס אזעלכע באהאנדעלט?

כמעט איבער'ן גאנצען לאנד ארבייטען פארשיעדענע געזעלשאפטען, נאטשוראליזיישאן אייד ליעגס, וואס שטעלען זיך פאר א ציעל צו נאטוראליזירען די איינגעוואנדערטע און זיינען גרייט צו העלפען מיט ראט און טאט. ספעציעל זיינען אין די גרויסע שטעדט פאראן נאטוראליזאציאנס־קאמיטעס פון דער *סאציאליסטישער פארטיי*, וואו איהר קענט זיך פיהלען היימיש און זיכער און וואו איהר קריגט אויך די נויטיגע ידיעות וועגען די אמעריקאנער פאליטישע אינסטיטוציעס. פארוואס זאלט איהר זיך נישט באנוצען מיט די אלע געלעגענהייטען און קענען, ווי בירגער, אנטייל נעמען אין די גרויסע פאליטישע געפעכטען, וואס שטעהען אונז פאר?!

אונזערע ברענטשעס דארפען די נאטוראליזאציאנס־פראגע ווידער אמאל שטעלען אויף דער טאגעס־ארדנונג. מיר האבען היבשע עטליכע טויזענד מיטגליעדער צווישען אונז, וואס קענען שוין ווערען גלייכבארעכטיגט און פוילען זיך, אדער האבען נישט די ענערגיע, צו מאכען דעם טריט. זאלען מיר זיי כסדר פארפאלגען מיט אונזער אויפרוף: „פארנאכלעסיגט נישט אייער גלייכבארעכטיגונג!"

---

**ביז די מאי-זון וועט אנהויבען צו ווארעמען מוזט איהר פארשלאגען נאך א מעמבער!**

אב. וויקטאָר: **מחנות** צייט-ליעד

.1

מחנות מענשען אויף די גאַסען
שטעהען, געהען, איילען, יאָגען;
קעפ פאַרריסען, קעפ געבויגען,
ווער ס'געהט זאַרגלאָז, ווער צוטראָגען.

מחנות שטעהען ביי די זייטען.
מיט אַ חוזק אַלץ באַגלייטען, —
פאַלט אום איינער, לאַכען אַלע,
אַרט ניט איינעם פאַר אַ צווייטען.

מחנות מענשען אויף די וועגען.
ביז צום הימעל שטויבען שטייגען, —
רייטער, פוהרען, פערד און בהמות,
איינע רעווען, אַנד'רע שווייגען...

מחנות קומען אַן אַנטקעגען,
שטופט מען, שטויסט מען איינס דעם צווייטען,
ווילדע קולות אין דער לופטען,
טויטע קללות זיי באַגלייטען. —

.2

אַ תהום.
און מחנות בלייבען שטעהן ביים ברעג.
מען קוקט זיך שווייגענד אַן, ניטאָ קיין וועג. —

נור באַלד —
עס שליסען הענד זיך אין אַ קייט,
דעם שטוים פאַרהאַלטען זיינען אַקסלען גרייט.

און שוין.
געשלאָסען ווערט אַ פעסטער רינג.
און ס'אָטעמט יעדער פרייער אָפּ און גרינג.

.3

מחנות מאַרשירען אין רייהען געשלאָסען,
גלייך ווי אַ וואַסער האָט ברייט זיך צוגאָסען.
ציהען זיך צייליען, אויף מיילען, אויף מיילען,
דוכט זיך עס ציטערט די ערד אויף די זיילען.

ריטמיש באַוועגען זיך אַלעמענס גליעדער,
דוכט זיך אַהן ווערטער עס זינגען שוין ליעדער.
ליעדער אַהן ווערטער — און דאָך אַזוי קלאָר —
עס זינגט זיי דער ברוויזענדער לעבען אין כאָר.

ווערען פאַר'כשופ'ט אויך די וואָס פון ווייטען,
וואַקסען די מחנות פון אַלע פיער זייטען,
רייהען געשלאָסען, — דורך מדבר און ימ'ען
מחנות מאַרשירען, ווער קען זיי פאַרצאַמען? — — —

.4

נייע וועגען אויסגעטראָטען
היימליך איז דער וואַנדער!
ערד און הימעל,
גראָז און בלימעל
גריסען איינס אַן אַנדער.

אויף די נייע וועגען מחנות
האָבען זיך פאַרבונדען.
ליעב און טייער
לייכט דער פייער,
וואָס איז אַנגעצונדען.

רויב און צוואַנג, אין פיין און נויטען
אוים, ניטאָ, אַנטרונען.
ברכות קלינגען.
ווילט זיך זינגען:
ווערלט, האָסט זיך געפונען! — — —

---

משה קאַרמאַן:

## אַ ווייסע נאַכט

(קינדער-ליעד)

ווייסע, ווייסע ווינטער-נאַכט,
לוסטיג שמייכעלט אַלץ און לאַכט
שליטלעך קלינגען אונטער, פריי.

קוקט דער הימעל מילד פאַרטראַכט
אין דער שעהנער ווייסער נאַכט,
פאַלט ווי פוך אַראָפּ דער שניי.

אויף די שויבען פון מיין הויז,
דאָ און דאָרט, אַ ווייסע רויז,
ווי מיט זילבער-טוי אומהילט...

און אַרום אויף יעדען דאַך
ליגט דער שניי ווי ווייסער סכך,
און עס שטיפט דער פראָסט און שפּיעלט...

# דער אלף־בית פון לאָגיק
(ווי אַזוי מיר דענקען)

פון פיליפ־קראַנץ

## באַטראַכטונגען איבער ווערטער און טערמס

יעדע שפּראַך, ווי אָרים זי זאָל ניט זיין, באַשטעהט פון פאַרשיעדענע סאָרטען ווערטער. דאָס ווייס יעדער איינער גאָר אָהן שום גראַמאַטיקעס און לאָגיקעס. יעדע שפּראַך מוז דאָך האָבען ווערטער צו באַצייכענען זאַכען, די מעלות פון זאַכען, האַנדלונגען א. ז. וו. נור איהר וועט באַלד איינזעהען, ווי נויטיג עס איז צו סאָרטירען די ווערטער און גרינדליך צו פאַרשטעהען און באַשטימען זייערע אונטערשיעדען.

דאָס איז אונגעפעהר אַזוי ווי מיט נאָטען. ווען מען האָט אַ גוטען געהער און אַ פיינע שטימע, קען מען זיך זינגען גאַנץ גוט אָהן דער קענטניס פון נאָטען, אָבער אום צו זיין אַ מוזיקאַנט, קען מען זיך טאַקע ניט באַגעהען אָהן אַזאַ קענטניס.

יעדער טייל פון אַ זאַץ, אָדער בלשון לאָגיק, יעדער טערם פון אַ פּראָפּאָזיציאָן (מאמר), באַשטעהט נאַטירליך פון ווערטער, אָבער ניט יעדער וואָרט פון אַ שפּראַך קען אַליין בילדען אַ טערם. אייגענטליך, קיין טייל פון אַ שפּראַך אויסער אַ נאַמענסוואָרט (אָדער אַ גרופּע פון ווערטער, וועלכע קענען געברויכט ווערען אָדער ווערען טאַקע געברויכט אַנשטאַט אַ נאַמענסוואָרט), קען ניט פאָרמירען אָדער אויסדריקען דעם סוביעקט אָדער דעם ערשטען טערם פון אַ פּראָפּאָזיציאָן. און קיין טייל פון אַ שפּראַך אויסער אַ נאַמענסוואָרט אָדער אַ ווערב (צייטוואָרט; דאָס מיינט ווערטער צו באַצייכנען די האַנדלונגען אָדער די צושטאַנדען פון זאַכען, ווי למשל: שרייבען, שפּרעכען, געהען, ליגען, שלאָפען א. ז. וו.), ווי אויך אַן אַדיעקטיוו (דאָס מיינט ווערטער צו באַצייכנען די מעלות פון נאַמענסווערטער, ווי למשל: שוואַרץ, ווייס, לאַנג, טיעף א. ז. וו.) — קען ניט פאָרמירען אָדער אויסדריקען דעם פּרעדיקאַט אָדער דעם צווייטען טערם פון אַ פּראָפּאָזיציאָן.

אָט אַזעלכע ווערטער, ווי „פון“, „פאַר“, „צו“, „איבער“, „און“, „דאָ“, „אָפּט“, „לאַנגזאַם“, „געגען“, א. ז. וו., קענען אַליין ניט געברויכט ווערען אַלס טערמס פון אַ זאַץ, ווייל זיי זיינען דאָך ניט נאַמענסווערטער. אַזעלכע ווערטער קענען פיגורירען אָדער פאַרנעהמען דעם פּלאַץ פון אַ סוביעקט אין אַ זאַץ נור אין אַזאַ פאַל, ווען זיי אַליין ווערען באַשריבען אָבער באַצייכענט, ווי למשל: „און איז אַ פאַרבינדונגס־וואָרט“, אָדער „צו איז אַ וואָרט וואָס באַשטעהט פון צוויי בוכשטאַבען“.

דיזע סאָרטען ווערטער, וועלכע טראָגען אין גראַמאַטיקעס באַזונדערע נעמען, דריקען אויס עפּעס נור אין פאַרבינדונג אָדער שייכות מיט אַזעלכע ווערטער, וועלכע באַצייכענען טאַקע אַ זאַך אָדער אַ טאַט, אַלזאָ אַזעלכע, וועלכע פאָרמירען אָדער בילדען די סוביעקטען און פּרעדיקאַטען, אָדער בכלל די טערמס פון פּראָפּאָזיציאָנען, ווי דאָס איז שוין ערקלערט געוואָרען אין פאָריגען אַרטיקעל.

זייט אַריסטאָטעל׳ס צייט צוטיילט מען אויף דיזען גרונד די ווערטער פון אַ שפּראַך אין צוויי גרופּען: אין קאַטעגאָרעמאַטישע (פון אַ גריכישען וואָרט וואָס באַדייטעט: באַהויפּטען), דאָס הייסט אַזעלכע, וועלכע בילדען אָדער קענען בילדען אַ טערם אין אַ פּראָפּאָזיציאָן, און אין סינקאַטעגאָרעמאַטישע (דער גריבישער וואָרט „סין“ באַדייטעט: מיט), דאָס הייסט אַזעלכע, וועלכע קענען אַליין ניט דיענען אַלס אַ טערם און וועלכע ווערען געברויכט אין דער שפּראַך אין פאַרבינדונג מיט קאַטעגאָרעמאַטישע ווערטער.

אין לאָגיק פאַרנעהמט מען זיך נור מיט קאַטעגאָרעמאַטישע טערמס. וואָס אַנבאַלאַנגט אַדיעקטיווען אָדער בכלל ווערטער, וועלכע באַצייכנען אָדער דריקען אויס די מעלה פון אַ זאַך. קענען זיי אַליין אויך ניט בילדען אַ טערם. ווען מיר זאָגען, למשל: שוואַרץ, ווייס, קורץ, שווער, א. ז. וו., האָבען מיר דאָך געוועהנליך אין זינען די זאַכען, וועלכע האָבען אַזעלכע מעלות. אין אַ פּראָפּאָזיציאָן קען אַן אַדיעקטיוו אַליין, דאָס הייסט: אָהן אַ נאַמענסוואָרט ניט פאַרנעהמען דעם פּלאַץ פון אַ סוביעקט אָדער פון דעם ערשטען טערם. אַזעלכע ווערטער קענען אָבער זיין פּרעדיקאַטען, אָט ווי למשל: „ביכער זיינען ניצליך“, „צוקער איז זיס“, „שנעע איז ווייס“, „גלאָז איז דורכזיכטיג“.

אָבער אין דער אמת׳ן האָט מען דאָך דערביי אין זינען דעם נאַמענסוואָרט „זאַך“. אַנשטאָדט צו זאָגען למשל: „צוקער איז אַ זיסע זאַך“, זאָגט מען עס קירצער: „צוקער איז זיס“. אין אונזער שפּראַך לאָזען מיר אָפּט אויס ניט נור צוליעב קורצקייט ווערטער, זאָנדערן אויך גאַנצע פראַזען, ווי מיר וועלען עס האָבען די געלעגענהייט צו זעהען שפּעטער.

אַזעלכע אויסלאָזונגען פון ווערטער טראָגען אין גראַמאַטיק דעם אַלגעמיינען נאָמען־עליפּסיס (אַ גריכיש וואָרט וואָס באַדייטעט טאַקע: אויסלאָזען). ניט זעלטען דריקט מען אויס מיט איין וואָרט, ווי אויך מיט איין קלאַנג, מיט איין מינע, מעהר איידער מיט לאַנגע פּראָפּאָזיציאָנען.

אין איינינע שפּראַכען ענדערען זיך אפילו ניט די פאָרמען פון די אַדיעקטיוועז, ווען זיי ווערען געברויכט צו באַצייכנען אַ נאַמענסוואָרט אָדער ווען זיי דיענען אַליין אַלס פּרעדיקאַטען. איינע פון אַזעלכע שפּראַכען איז די ענגלישע. למשל, די אַדיעקטיוועז „בלעק“, „רעד“, „שאָרט“, א. ז. וו. בלייבען אַלץ אונפאַרענדערט, בשעת מען זאָגט: „אַ בלעק דרעס“, „אַ רעד העט“, אָדער בשעת מען זאָגט: „טהיס דרעס איז בלעק“, טהעט העט איז רעד“. אין דער דייטשער שפּראַך אָבער (און געוועהנליך אויך אין אידיש) זיינען די פאָרמען פון די אַדיעקטיוועז אין אַזעלכע פעלע פאַרשיעדען. אין פאַרבינדונג מיט נאַמענסווערטער האָבען דאָך די אַדיעקטיוועז אין דער דייטשער שפּראַך געוויסע גראַמאַטיקאַלישע ענדערונגען (למשל: „ראָטהער הוט“, „שוואַרצעס קלייד“), וועהרענד בשעת זיי דיענען אַלס פּרעדיקאַטען, פאַלען אַרונטער דיזע ענדונגען און עס הערען אויף די ענדערונגען (למשל: „דער הוט איז שוואַרץ“, „דאַס קלייד איזט ראָטה“).

מאַנכעס מאָל קען מען אַן אַדיעקטיוו געברויכען אפילו אַלס אַ סוביעקט, ווי למשל אין דער פּראָפּאָזיציאָן: „ווייס איז אַן אַנגענעהמער קאָליר“. דאָ קען מען אָבער אויך זאָגען, אַז דער וואָרט „ווייס“ שטעהט אַנשטאָדט: „ווייסער קאָליר“ אָדער אַנשטאָדט „אַלעס וואָס איז געפאַרבט ווייס“. יעדענפאַלס איז עס אָנגענומען אין אַלע לעהרביכער איבער לאָגיק צו באַטראַכטען אַדיעקטיוועז אַלס קאַטעגאָרעמאַטישע טערמס.

מיר וועלען יעצט באַטראַכטען די קאַטעגאָרעמאַטישע טערמס אָדער, איינפאַכער און קירצער גערעדט, נעמען לויט זייערע באַדייטונגען. יעדער נאָמען באַצייכענט עטוואָס ראַ־יעלעס אָדער איינגעבילדעטעס, אָבער ניט אַלע זאַכען האָבען זייערע באַזונדערע נעמען, אַז מען זאָל זיי קענען אונטערשיידען פון זייער גלייכען. פאַר איינינע איינצעלנע זאַכען האָבען מיר דאָך גאַנץ באַזונדערע נעמען, וואָס מען רופט טאַקע אייגענע נעמען. ווי למשל פאַר פערזאָנען, געוויסע פעלער, שטעדט, טייכען א. ז. וו. אַנדערע זאַכען, וועלכע האָבען ניט באַזונדערע אייגענע נעמען, קענען מיר אונטערשיידען און אָפּזונדערן דורך די צוזעצונג פון געוויסע ווערטער, ווי למשל, דיזער שטיין, יענער בוים.

קורץ, מען אונטערשיידעט נעמען אַלס אַלגעמיינע און סינגולערע אָדער אינדיווידועלע. דאָס איז אַ זעהר וויכטיגער אונטערשיעד.

אַן אינדיווידועלער נאָמען אָדער טערם מוז ניט דוקא זיין איין באַשטימטער וואָרט, אַ צונעמעניש, ווי למשל, אברהם, יצחק, א. ז. וו. פאַר באַשטימטע פערזאָנען. אַזאַ נאָמען קען

אויך זיין צוזאמענגעשטעלט פון אייניגע ווערטער מיט פאר־שיעדענע באדייטונגען, אויך פון גאנצע פראזען, ווי למשל, „דער היינטיגער פרעזידענט פון יונייטעד סטייטס“, „דער מאן וואס טראגט יעצט די ענגלישע קרוין“, „די גרעסטע שטאדט אין דער וועלט“, „דער לענגסטער טייך אין אמעריקא“, א. ז. וו.

ווען מיר געברויכען אזא אויסדרוק ווי „דער מאן וואס איז געווארען פרעזידענט פון יונייטעד סטייטס דעם 4טען מערץ 1913“, איז דאס אייגענטליך אזא אינדיווידועלער נאמען, ווי ווען מיר וואלטען איהם טאקע אנגערופען מיט זיין אייגען־נאמען וואודראו ווילסאן. ווען מיר זאגען, למשל, „דער ערשטער מאי 1914“, איז דאס אזא אינדיווידועלער נאמען פון דיזען טאג, ווי ווען מיר וואלטען איהם אנגערופען מיט א גאנץ באזונדערןווארט, אום איהם צו אונטערשיידען פון איר־גענד וועלכען אנדערען טאג אין אירגענד וועלכען אנדערען יאהר. טעג זיינען טאקע פאראן א סך. ווער ווייסט וויפיעל מיליארדען טעג עס זיינען אוועק זינט די ערד דרעהט זיך ארום זיך אליין און ארום דער זון. אבער „דער ערשטער מאי פון 1914“, „דער 4טער דזשולאי פון 1776“, „דער טאג פון דער צערשטערונג פון דער באסטיליע“, „דער טאג פון חורבן בית המקדש“, „וואשינגטאנ'ס געבורטסטאג“ וכדומה — דאס זיינען אלץ גאנץ באשטימטע אינדיווידועלע נעמען פון געוויסע טעג, פון געוויסע טיילען פון צייט, וועלכע זיינען שוין פארשוואונדען און וועלען זיך ניעמאלס צוריק־קעהרען. ווען איהר באשרייבט א מאן אזוי, אז דער אנדערער זאל גענוי וויסען וועגען וועמען איהר רעדט, אבוואהל איהר רופט איהם ניט אן מיט זיין אייגען־נאמען, איז אייער גאנצע באשרייבונג, ווי פיעל ווערטער איהר זאלט ניט געברוי־כען דערביי, אפילו אנשרייבען א לאנגען בוך, איין אינדיווידועלער נאמען, אבער בלשון לאגיק, אן אינדיווידועלער טערם, ווייל דאס אלעס ווערט דאך באהויפטעט וועגען איין געוויסע פערזאן און ניט וועגען אירגענד וו...כע אנדערע.

אן אלגעמיינער נאמען דארף ניט צוזאמענ־געמישט ווערען מיט א קאלעקטיווען נאמען.

אזעלכע נעמען, ווי „פאלק“, „רעגיערונג“, „ארמעע“, א. ז. וו., זיינען צוגלייך קאלעקטיווע און אלגעמיינע. אבער מען דארף זיי דאך אונטערשיידען, ווען מען וויל לאגיש אורטיילען. מען דארף אויפפאסען צו געברויכען זיי אין ריכטיגען זינען, זאנסט קומען דערפון ארויס צומישעניש, פלאנטערס און פאלשע שלוסציהונגען.

אן אלגעמיינער נאמען איז אזעלכער וואס באציי־כענט א געוויסע צאהל זאכען און אויך יעדע באזונדער, אדער בלשון לאגיק, דיסטריבוטיו. אזא נאמען ווערט אנגעווענדעט פאר יעדען איינצעלנען אדער יחיד פון א מאסע, ווי למשל, „סאלדאט“, „דייטש“, „פראנצויז“, א. ז. וו. א קאלעקטיווער נאמען איז אזעלכער, וואס קען ניט באהויפטעט ווערען וועגען יעדען איינעם באזונדער, נור וועגען אלעמען צוזאמען; ווי למשל, „דער צעהנטער רעגימענט“, „די דייטשע נאציאן“, א. ז. וו.

אזעלכע קאלעקטיווע נעמען מעגען אויך גערעכענט ווערען פאר אינדיווידועלע נעמען. ווען מיר זאגען, למשל, "ביבליאטעק", איז דאס א קאלעקטיווער נאמען, וואס אנבאלאנגט ביכער בכלל, ווייל מען קען דאך ניט זאגען וועגען יעדען בוך באזונדער, אז דאס איז א ביבליאטעק; אבער דאס איז אן אלגעמיינער נאמען וואס אנבאלאנגט אנ־דערע ביבליאטעקען, וועלכע געפינען זיך, אדער קענען זיך געפינען, אין דער וועלט. און ווען מיר זאגען די „בריטיש מוזעאום ביבליאטעק“, אדער „די נאציאנאלע ביבליאטעק אין פאריז“ א. ז. וו. — זיינען דאס אפילו קאלעקטיווע נעמען, אבער דאך ניט אלגעמיינע, נור אינדיווידועלע. עס זיינען פאראן, למשל, הונדערטע פארשיעדענע פעלקער, אבער עס איז נור פאראן איין אידיש פאלק; עס זיינען פאראן א סך יאהרען, אבער נור איין 1914.

פון ערשטען בליק קען זיך דוכטען, אז דאס איז אלץ האר־שפאלטעריי, סתם חקירות וועגען ווערטער; אבער ווי וויכטיג דאס איז פאר'ן לאגישען דענקען בכלל און פאר ריכטיגע שלוס־פאלגערונגען בפרט, דאס וועט דער לעזער אויסגעפינען אין די וויטערע ארטיקלען.

# קונסט און אינדוסטריע

פון סאול ראסקין

„מיר מוזען אויפבויען א גרעסערע אמעריקא, אן אמע־ריקא, וואס זאל זיין ווערטה אין יעדער באציהונג די קרבנות און טרייהייט פון אונזערע סאלדאטען. מיר מוזען שטרעבען, אז אמעריקא זאל זיין פול מיט דעם גייסט פון הויכע לייס־טונגען, ליכטיגער צוקונפט, וועלכע דער אייזערנער מוט פון אונזערע קעמפער האט אונז געזיכערט...“

אזא און עהנליכע אויפרופען לעזען מיר אפט פון גרופען קינסטלער אדער קונסט־אינסטיטוציעס. אט האט אן ארגא־ניזאציע „ארט־ אלייענס אף אמעריקא“ צוזאמען מיט דער „וואומענ'ס וויער“ ארראנזשירט א קאנקורס־אויסשטעלונג מיט פרייזען פאר די בעסטע געדרוקטע זייד, געוועבטע זיי, זיידענע דעקאראציעס, קרעטאן, געדרוקטע „קאטטען“, סטענגע־באנד א. ז. וו. די אויסשטעלונג איז באגלייט מיט א פאטעטישען אויפרוף צו די קינסטלער פון אמעריקא צו טהאן זייער פליכט צו די אינדוסטריען פון אמעריקא. אויסשטעלונגען ווערען אראנ־זשירט פאר טעקסטיל־דעזיינערס, הויז מעבעל, קינדער שפיעל־צייג, דזשולערי, גראפיקס א. ז. וו.

צוגלייך מיט איינצעלנע קינסטלער און גרופען קינסטלער האבען די מוזעאומס דערפיהלט א חוב צו טון עפעס פאר דעם לאנד, און מעהר פאר אלעמען דער גרעסטער מוזעאום פון אמעריקא, דער „מעטראפאליטען מיוזעאום אף ארט“. דער מוזעאום איז ארויס מיט אן ערקלערונג, נאך אין צייט פון מלחמה, אז עס איז ניטא אזא זאך, ווי „נאן עסענשיעל אינ־דוסטריעס“, נישט נויטיגע אינדוסטריען. אויב סאלדאטען גע־ברויכען ניט קיין „קאט־גלעז“ אויף זייערע מעסס־טישען, הייסט דאס נאך ניט, אז די גלאז־אינדוסטריע איז ניט „עסענשיעל“. און אזוי איז דאס מיט יעדער אינדוסטריע. די מלחמה וועט דאך זיין פאראיבער — זיינען מיר דען צוגעגרייט צום פריע־דען? ניין, מיר זיינען ניט. מיר זיינען פונקט אזוי ווייניג צוגעגרייט צום פריעדען ווי ווייניג מיר זיינען געווען צוגע־גרייט צום קריעג. סאלדאטען וועלען קומען צוריק — וועלען זיי דען לעבען אויף יענעם מאטעריאל אין אינדוסטריעס וואס האט זיי געהאלפען געווינען די מלחמה? ניין, זיי וועלען פאר־לאנגען אנדערע זאכען און לעבען מיט אנדערע אינטערעסען.

די לאגיק זאגט: אויב איהר זייט א מעמבער, פארוואס זאל אויך נישט זיין אייער פרוי?

הערט זשע דארום אויף צו רעדען וועגען „נאָן־עסענשיעל" אינדוסטריעס. מיר מוזען די גאנצע צייט דענקען וועגען פריעדען און וועגען אלעס, וואָס פריעדען פאָדערט, פונקט אזוי ווי מיר דענקען וועגען מלחמה און אלעס וואָס מלחמה פאָדערט. קונסט איז דער גרעסטער פאקטאָר פון פריעדען, מוזען מיר קונסט אויף א רגע ניט פארנאכלעסיגען.

און דער מעטראפאליטען מוזעאום פרעגט ווייטער: וואָס ווערט אין איראָפּא געטאָן אין דיעזער הינזיכט? די מוזעאומס און קונסט־שוהלען האָבען פארלאָרען די מענער־סטודענטען און פרויען און מיידלעך האָבען פארנומען זייערע פלעצער; אָבער קונסט־שוהלען און מוזעאומס טוען זייער ארבייט, אויסבילדענדיג קונסט־ארבייטער, דעזיינערס, ארכיטעקטאָרען און עדעלע בעלי־מלאכות. און מיר, זאָגט דער מעטראפאליטען מוזעאום, די גרעסטע, די רייכסטע און די אינדוסטריעלסטע פון זיי אלעמען, די זיכערסטע פון זיי אלעמען, טוען גאָרניט אין דעם. דארום, אויף צו דער ארבייט!

און דער מעטראפאליטען מוזעאום האָט באשלאָסען צו ווערען דער גרעסטער פאקטאָר אין נאָך מלחמה אקטיוויטעט.

וואָס זשע טוט ער?

דער מוזעאום האָט עטאבלירט א דעפארטמענט אונטער דער לייטונג פון א געוויסען מר. ריטשארד באך פון קאלאמביא אוניווערזיטעט מיט דעם צוועק צו העלפען דעם פאבריקאנט און דעזיינער. די הילף וועט באשטעהן, ערשטענס, אין מאכען קונסט־אינדוסטריעלע אויסשטעלונגען, און צווייטענס, אין געבען זיי א צוטריט צו אלע קאָלעקציעס. און ניט נאָר א צוטריט צו די קאָלעקציעס פון טעקסטילס, מעבעל, אויך די מעגליכקייט צו אנטלייען זאכען אין קאָלעקציעס. קיין דזשועלערי, געבעס, אינסטרומענטען, טעפיכע, א. ד. ג., נאָר איין שטיק, למשל, פון מאָרגאַנ'ס קונסט־קאָלעקציע, ווי אַן אלטע פארצעלאיענע וואזע, א שטיק איטאליענישע בראָנזע, א טרינקבאָקאל פון דייטשען אפשטאם, א גאבעלען־טעפיך פון פראנצויזישער ארבייט, א שטיק האָלענדישע אָדער בעלגישע עמבראָדערי, זאָל ניט זיין אָפּגעשלאָסען פון קיין ארבייטער, וואָס וואָלט זיך געוואָלט מיט דעם שטיק ארבייט באקענען.

דער מוזעאום איז געקומען צו אזא שטופע פון ענטוויקלונג, אז ער קען מעהר ניט צופריעדען זיין מיט בלויז אָנזאמלען אוצרות. עס איז ווי מיט יעדען לעבעדיגען אָרגאניזם, עס וואקסט, זאמעלט כחות און דערנאָך שטרעבט עס ארויסטראָגען די אָנגעזאמעלטע כחות אויף דער וועלט און אָנווענדען זיי אין לעבען. דער מוזעאום קען ניט מעהר צופריעדען זיין מיט זאמלען רייכע קאָלעקציעס אונטער גלעזערנע שראנקען. די קאָלעקציעס מוזען ווערען א שאפענדער פאקטאָר. די שעהנקייט און די נוצליכקייט, וואָס דורות און דורות האָבען אויסגעארבייט, מוזען אונז דיענען פאר א קוואַל פון אידעען און אינפאָרמאציע.

אָט געפונען זיך דאָ קאָלעקציעס פון טעקסטילס (געוועבטע סחורות), עגיפּטישע, פּערסישע און א געמיש פון זיי ביידען, ביזאנטישע, סאראצעניש־טערקישע, ארמענישע, סירישע, שפאנישע, סיצילישע, איטאליענישע, איטאַלאָ־אראבישע, פראנצויזישע, דייטשע, שווייצארישע, נידערלענדישע, סקאנדינאווישע, ענגלישע, רוסישע, פוילישע, נאָרד־מאראָקאנישע, כינעזישע, יאפאנעזישע, אינדישע, א. ז. וו., פון אלע צייטען, פון אלע קולטורען און סטילען, פון די גאָר פרימיטיווע, פון די ווייט ענטפערנסטע און גאָר נאָהענטע. נעבען א פערסישען שטיק סחורה פון פלוש און שווערע בראָקאדע, מיט די כאראקטעריסטישע בלומען, פיגורען און חיות, געפינט זיך א טערקיש געוועב פון פאָמגראנאטען בלעטער, טולפאנען און אנדערע אָריענטאלישע אָרנאמענטען... נעבען אַן איטאליענישען בארכאט מיט אויסגעפרעגטע אוזאָרען הענגען שפאנישע גאָלד־געוועבטע שטאָפען, אונענדליך רייך און פארשיעדענארטיג. ספּעציעלע צימערען זיינען צוגעגרייט מיט לאנגע טישען און קלענערע שטיקלעך פון דיעזע שטאָפען, אָנגעצויגען אויף קלענערע ראמען, געפינען זיך ביי דער האנד, בעקוועם פאר דעם פאכמאן צוצוקוקען זיך און אָראָפּקאָפּירען.

נאָך רייכער זיינען די קאָלעקציעס פון מעטאַל־ארבייט, אָדער קעראמיקס, אלע גרייט און פארטיג צו בעאָבאכטען און שטודירען.

ווי אזוי זשע קומט דאָס פאָר? אויף צוויי וועגען. דער געוועהנליכער בעל־מלאכה קאָפּירט בלויז, ער מאכט נאָך דאָס, וואָס ער זעהט, דער קינסטלער־פאכמאן אָבער קומט אריין אין מוזעאום מיט אַן אָפענעם שאפענדען גייסט. דאָס וואָס ער זעהט גיט איהם בלויז אַן אָנשטויס פאר אייגענע קאָמפּאָזיציעס. די באדערפענישען פון זיין צייט און די פאָדערונגען פון לעבען רעדען דורך איהם, ער נעהמט אַן ארטיקעל וואָס איז געשאפען געוואָרען מיט צוויי טויזענד יאָהר צוריק און גיסט עס איבער אין א מאָדערנער פאָרם... עס ווערט עפּעס נייעס געשאפען און דאָך באהויכט מיט א צויבער פון דער פרימיטיוו־נאאיווער מענשליכער נשמה. אמאָל כאפּט דער מעבעלדעזיינער גאָר אויף אַן אידעע פון א טאָפּעט, אמאָל א קליידער־צייכענער פון אַן אלטען מעבעל שטיק... אָט אזוי ארבייט די פאנטאזיע פון א באגאבטען, קלוגען פאכמאן.

ביז יעצט האָבען מיר בלויז גערעדט פון דעם פאכמאן, האָט דער לעזער געקענט מיינען, אז דאָס אויבען־געזאָגטע האָט קיין שייכות ניט צו דער ברייטער ארבייטער־מאסע, וועלכע שאפט ניט קיין אידעען פאר ארטיקלען, וועלכע פאבריצירט בלויז נאָך בעסערע מוסטערען, אָדער בלויז א קליין טיילכעלע פון אַן ארטיקעל, ניט דעם אלגעמיינעם דעזיין אָדער געדאנק. דער לעזער האָט געקענט מיינען, אז פאר דעם געוועהנליכען פאבריק־ארבייטער האָט דער מוזעאום קיין פראקטישע באדייטונג. ס'איז אָבער ניט ריכטיג. יעדער ארבייטער אין א שאפּ, ווען ער ווייזט נאָר ארויס א שטיקעל געשמאק און געדאנק, קען ווערען א קאנדידאט פאר א העכערען סאָרט ארבייטער, פאר א דעזיינער אָדער פאָרמאַן. דער היינטיגער ארבייטער איז דער מאָרגענדיגער פאָרמאַן, אויב ער גיט זיך די מיה צו פארפיינערען זיין געשמאק. און דאָס פובליקום אליין, קריגענדיג א בעסערען געשמאק, פארלאנגט אויך עדעלערע פאָרמען פאר איהר מעבעל, שעהנערע אוזאָרען פאר איהרע וואנד־טאפּעטען, פיינערע פארבען פאר איהרע טעפּיכע און קליידער... דאָס פון דער אנדער זייט צווינגט דעם פאבריקאנט צו א בעסערער פּראָדוקציאָן.

---

צוריק ארויסנעמען א געשטראָבענעם מעמבער איז מעהר ווי ארייננעהמען צוויי נייע. נישט דערלאָזען, אז א מעמבער זאָל געשטראָבען ווערען איז נאָך מעהר ווערטה, ווי דריי נייע מעמבערס.

* * *

ווען איז איינס בעסער פאר צוויי? עס איז בעסער אריינצונעמען איין מעמבער איידער צוויי צו פארליערען. ווען איהר וועט זיך האַלטען אָן דיעזען כלל וועט איהר קומען לאנגזאם אָבער זיכער.

* * *

אַן אייביגע קללה ליעגט אויף דער יעצטיגער אָרדנונג. ווען איהר זייט אָרעם ציטערט איהר פאר'ן גביר. ווען איהר זייט רייך ציטערט איהר פאר'ן אָרעמאַן, טאָמער... וועט ער קומען צום שכל...

* * *

סאָציאליזם וועט לעזען די ברויט און פוטער פראגע, וואָס איז דער שליסעל צו אלע אנדערע פארשאָלטענע פראגען.

אייער קינד וועט אַמאָל שטאָלץ זיין, ווען ער וועט קענען־זאָגען: ביידע, מיין פאָטער און מיין מוטער, זיינען א גאנצען לעבען געווען גוטשטעהענדע מעמבערס אין אַרבייטער־רינג.

* * *

פארצייטענס האָט איהר, פרויען, געהאָלפען מיט אייער ציערונג און גאָלד אויסצוגיסען אַ גאָלדענע קאַלב. יעצט פאָדערען מיר פון אייך אייער ציערונג און געלד אום די זעלבע קאַלב צוצושמעלצען.

* * *

מיר האָבען אַן ערך פון פיער הונדערט טויזענד אידישע אָרגאַניזירטע ארבייטער אין די פּראָווינציגע שטאָטען און 90 פּראָצענט פון זיי זיינען פאסענד פאר'ן אַרבייטער רינג. נישט קיין שמאָלער פעלד, פאר די, וואָס האָבען נישט קיין מורא פאר ארבייט.

* * *

ווינטען, פרעסט און שנייען, אָבער נישט אויף לאַנג...

# דער סטרייק-פיהרער

(הומאָרעסקע)

פון אברהם רייזען

בחור'ווייז איז הערריר געווען א פיהרער פון א יוניאָן. די ערשטע צייט האָט ער אי אַליין געאַרבייט אי ׳געפיהרט די אַרבייטער. נאָכדעם, אַז זיין טעטיגקייט איז ברייטער געוואָרען און ער האָט זיך געפאָדערט אין גאַנצען פאַר דער באַוועגונג, האָט ער מיט א צובראָכען הארץ און טרויעריגען געמיט זיך געזעגענט מיט'ן שאַפּ און האָט אָנגענומען דעם פאָרשלאַג צו אַרבייטען פאַר דער יוניאָן פאַר געצאָהלט.

א ברירה האָט ער געהאַט! אַז צו אָרגאַניזירען א סטרייק איז ער געווען "איינער פון די פעהיגסטע. מיט איין צויבערוואָרט האָט ער געקענט זיי אַלעמען אראָפּנעהמען פון דער אַרבייט, נאָכדעם זיי אָרגאַניזירט אין פּיקעטס, און טאָמער האָט מען געדאַרפט פאַרטיידיגען זיך פון א קלאַפּ האָט ער געהאַט צוויי שטאַרקע הענט און נאָך א שטאַרקערען מוט. כאָטש טעאָרעטיש איז ער געווען א געגנער פון פיזישע קראַפט, אָבער אַז מען דאַרף איז די טעאָריע אָן א זייט.

קומט צו סעטלען דעם סטרייק איז ער געווען דער בעסטער "אַרביטרייטאָר". זיינע איינפּעלע ווי צוצודריקען דעם באָס צו דער וואַנד, זיינען געווען באַריהמט. און אַזוי ווי ער אַליין האָט געוואוסט ווי נויטיג ער איז פאַר דער אַרבייטער־באַוועגונג, איז ער קענגען זיין נאַטור געוואָרען א באַצאָהלטער פיהרער.

זיין "סאַלאַרי" איז דערפאַר געווען ניט גרויס, פּונקט אַזוי פיעל, ווי ער האָט פאַרדיענט א וואָך אין שאַפּ, ווען ער האָט געאַרבייט. טאָמער האָט די יוניאָן, וואו ער איז געוואָרען פיהרער, ארויסגערופען א סטרייק און די סטרייקער־קאַסע האָט אָנגעהויבען טריקענען, האָט ער מוחל געווען זיינע שכירות און דערווייל דורכגעלעבט זיך מיט קליינע גמילת־חסדים ביי אויפגעקומענע אַרבייטער, אַמאָליגע פריינד זיינע. אין איינוועגס פלעגט ער שוין ביי זיי נעהמען צו שטייער קלענערע סומען אויפ'ן סטרייק.

און אַזוי האָט ער געפיהרט די יוניאָן ביז ער האָט חתונה געהאַט מיט א דרעסמייקערין.

א מאָנאַט נאָך דער חתונה איז זיך זיין ווייב מישב, אַז פון אַרבייטען ביי יענעם וועט זי קיין עושר'טע ניט ווערען און פון הערריר'ס סאַלאַרי אודאי ניט. צו זיין א יוניאָן־פיהרער'ס א פרוי איז געווים א כבוד, אָבער זיין אַליין א מאַנופעקטשורקע איז אויך ניט קיין חרפה, בפרט אַז ניט נאָר זי קען אויפנעהען אַליין א דרעס, נאָר זי קען צושניידען אויך, און ווען זי זאָל עפענען די ערשטע צייט א קליינעם שאַפּ, וועט הערריר גאָרנישט האָבען דאַגעגען. זי וועט אַרבייטען מיט איין מיידעל און זי וועט איהם צאָהלען יוניאָן ווייזשעס און זי וועט ביי איהר האָבען קורצע שטונדען, און וועגען באַהאַנדלונג רעדט מען ניט. אויב די מיידעל וועט נאָר זיין אַן עדעלע און אַן אינטערעסאַנטע, וועט זי אַמאָל זי איינלאַדען צו זיך אַהיים אויף א סאַפּער. קיין באָסיכע וועט זי זיכער ניט זיין.

שפּעטער, אַז הערריר'ס פרוי האָט אָנגעהויבען צו באַקומען גרעסערען באַשטעלונגען, האָט זי געזוכט נאָך א מיידעל; די קליינע סטאָר האָט זיך שוין פאַרוואַנדעלט אין א שאַפּ. הערריר, וואָס איז נאָך אַלץ געווען א יוניאָן־פיהרער, האָט שוין גענומען קוקען אויף זיין פרוי, ווי אויף א שטיקעל באָס, וועלכען מען דאַרף האַסען. מיט די צוויי אַרבייטערינס איז ער געווען אדרבא ואדרבא. ער האָט זיי אויסגעפרעגט פון צייט'צו צייט, וויפיעל זיי נעהמען ווייזשעס און וויפיעל שטונדען זיי אַרבייטען און זיי גערעכטען ניט צו אַרבייטען קיין איבערשטונדען. ווייל די "אָווערטיים" איז אַן אומגליק פאַר די אַרבייטער.

די ביזנעס זיינען אַוועק בעסער און בעסער. הערריר'ס ווייבעלע האָט שוין געאַרבייט מיט זעקס מיידלעך און האָט שוין געפיהרט ביזנעס אויף טויזענדער.

איהר האָט שוין געפעהלט א געשעפטס־פיהרער, ווייל זי אַליין האָט זיך נעבאך ניט געקענט צורייסען. האָט זי זיך מישב געווען, צו וואָס זאָל איהר הערריר פיהרען א יוניאָן, אַז ער קען פיהרען איהר געשעפט.

אָנפאַנגס האָט זיך הערריר געקווינקעלט. ווי אַזוי וועט ער עס מעלדען אין דער יוניאָן? "דו געהסט ווערען א באָס?..." וועלען די בעאַמטע פון איהם חוזק'ן. אָבער אַז א ווייב שטעהט צו איז ניט אַזוי לייכט זיך מדחה צו זיין, בפרט אַז הערריר'ן אַליין האָט אָנגעהויבען ציהען צו דער ווייב'ס ביזנעס.

און ער האָט אָנגענומען זיין ווייב'ס פאָרשלאַג. די ביזנעס זיינען אַוועק נאָך בעסער, ווי ער האָט ערוואַרטעט. אין א קורצער צייט האָבען זיי אַוועקגעמופט אין דעם געגענד, וואו עס געפינען זיך די אַלע גרויסע שעפּער, ארום פינפטע עוועניו, און הערריר, באַגעגענדיג זיך אין "לאָנטש־טיים" מיט די געוועזענע אַרבייטער, פלעגט מוזען שנעל אַנטלויפען, מען זאָל איהם ניט אויסלאַכען, אָדער באַליידיגען. אַמאָל האָט איהם אָן אַרבייטער דערקענט, א רוף געטון און געזאָגט צו איהם:

— הערריר, הערריר, דערקאָנסט שוין ניט קיין אַלטע באַקאַנטע. שטעה א ווייל'ע, מיר וועלען האָבען דאַכט זיך אין גיכען א סטרייק.

הערריר האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ נידריגער און ארויסגעמורמעלט:

— ענטשולדיג, איך בין ביזי — און איז אַריין אין לאָנטשרום, וואו עס עסען די מאַנופעקטשורערס, ווי ער וואָלט וועלען זוכען שוץ ביי זיי.

---

דער סטרייק האָט ענדליך אויסגעבראָכען און האָט דערגרייכט אויך זיין שאַפּ, וואו עס האָבען שוין געאַרבייט עטליכע צעהנדליג מיידלעך. זיין ווייב האָט זיך געהאַלטען פעסט ניט נאָכצוגעבען. אין הערריר'ן, אָבער, האָט זיך אויפגעוועקט דער אַלטער יוניאָן־פיהרער. האָבענדיג אין זיין אייגענעם שאַפּ אַזאַ באַדייטענדע צאָהל סטרייקערינס, האָט ער זיך פלוצים פאַרגעסען, אַז ער איז א מאַנופעקטשורער און האָט געהאַנדעלט אַזוי ווי אין די אַמאָליגע יאָהרען, ווען ער איז געווען זייער פריינד.

די סטרייקערינס האָבען אָנפאַנגס געמיינט, אַז הערריר איז אויסען א "טריק", באַלד אָבער האָבען זיי זיך איבערציינט, אַז ער איז ווירקליך אויף זייער זייט, און אויך האָבען זיי זיך דערוואוסט, אַז ער, הערריר, איז אַמאָל געווען א יוניאָן־פיהרער און האָבען פאַרשטאַנען זיין מיטגעפיהל.

וואָס א טאָג ווייטער איז אַלץ הערריר אַריין מעהר אין זיין אַלטער ראָלע, און אין גאַנצען פאַרגעסען, אַז ער איז א באָס. אַנשטאָט צו געהן אויף א מיטינג צו די מאַנופעקטשורערס, איז ער אַוועק אויף די מיטינגס פון די סטרייקער און געביילט די פּויסטען, גלייך מיט אַלע סטרייקערס און סטרייקערינס.

אין די מיטאָגס־שטונדען האָט ער געהאָלפען פּיקעטען זיין אייגענעם שאַפּ. איז ארויס דאָס ווייב און געשריען:

— הערדי, וואָס טוסטו דרויסען. געה אריין אינוועניג. עס איז דאָך מיר א חרפה!

האָט הערדי זיך אָנגענומען מיט מוט און געענטפערט:

— סעטעל, וועל איך אריינגעהן!

— ווי אזוי זאָל איך סעטלען, אז זיי לאָזען ניט אראָפּ פון די פאָדערונגען.

— נאַרען וועלען זיי זיין! — האָט זיך הערדי געריצט מיט איהר. — פאַר וואָס זאָלען זיי אראָפּלאָזען. דער סטרייק איז סיי ווי סיי א געוואונענער.

— פון וואַנען ווייסטו עס?

— פון וואַנען איך ווייס? — האָט הערדי מיט טריאומף צוריקגעפרעגט. — ווער דען ווייס. איך — אַן אַלטער יוניאָן־פיהרער.

— דו ביזט דאָך איצט א באָס... — האָט דאָס ווייב איהם דערמאָנט...

— א באָס! — האָט הערדי געשמייכעלט. — עס איז מיר נמאס געוואָרען. עס האָט מיך די גאַנצע צייט געצויגען צו א סטרייק. איך האָב זיך אַלץ איינגעהאַלטען, אָבער איצט, ווען בײַ מיין ווייב איז א סטרייק, קען איך דען שטעהען פון ווייטען? עס איז מיין גרעסטער פאַרגעניגען צו געהן קעגען מיינע אייגענע אינטערעסען. פאַרשטעהסט, נאַרעלע — איז ער ווייכער געוואָרען — אמאָל פלעגט מען מיר צאָהלען דערפאַר, אָבער איצט, ביי מיין אייגען ווייב א סטרייק אָנפיהרען — נעהם איך ניט קיין פעני. אַלץ טו איך אומזיסט. און טאָמער ווע‌סטו זיך איינ׳עקשנ׳ען, איז גיב איך צו שטייער אויפ׳ן סטרייק־פאָנד. א באָס קען זיך פאַרגינען אפילו צו העלפען סטרייקער.

און אָנקוקענדיג זי מיט בליקען פון א זיעגער האָט ער אויסגערופען:

— דו גיסט נאָך?

— נו, העלף מיר, וועל איך סעטלען... — האָט זי שטיל ארויסגעמורמעלט.

אויף מאָרגען האָבען שוין אין הערדי׳ס שאָפּ ווידער גע־רוישט די מאַשינען. הערדי אַליין איז ארומגעגאַנגען צווישען די אַרבײַטערינס און צו א מאַנכער צוגעגאַנגען און געשמייכעלט:

— אהאַ, קינדער — איהר האָט אויסגעפיהרט.

און נאָכדעם האָט ער צוגעגעבען:

— אין גיכען וועל איך פאַר אייך אויסאַרבייטען נייע פאָ־דערונגען און איינס צוויי — און איך וועל סעטלען...

און ער איז אוועק מיט שטאָלצע טריט אין אָפיס...

# דער ארבײַטער רינג און די אידישע פאָלקסשול

פון א. ליטווין

## די סאָציאַל־עקאָנאָמישע פּראָגראַם פון דער אידישער פאָלקסשול.

די זאַכען, מיט וועלכע אונזער אידישע פאָלקסשול פאַר־נעמט זיך איצט, באַלאַנגען אייגענטליך צו דער שאַלאַבּטס פון דער ערציהונגס־אויפגאַבע, ניט צום תוך. אין דער שולע ווערט געלערנט שפּראַך, געשיכטע, ליטעראַטור, זינגען. צווישען לעה־רער און קינד שטעהט א טויטער פאַרמיטלער אין דער גע־שטאַלט פונ׳ם בוך. די ערציהונג אין דער אידישער שולע איז א בוך־ערציהונג. דאָס קינד באַקומט דאָס און דאָס, אין אַזאַ און אַזאַ דאָזע פונ׳ם בוך. דאָס קינד האָט צו טאָן, כמעט אויסשליסליך, מיט שפּראַך און לעז־אַרבייט; האָט צו טאָן מיט לעסאָנס, מיט מאַרקס. דער ערפאָלג פון דעם קינד׳ס ערציהונג אין דער אידישער שולע ווענדט זיך אָן זיין לערנען. לערנען הייסט חזר׳ן, איינ׳חזר׳ן, אַלץ איז פאַרבונדען מיט׳ן בוך, מיט דעם פּראָצעס פון שרייבען און לעזען.

אין אָט דער הינזיכט אונטערשיידעט זיך די אידישע שולע כמעט גאָר נישט פון דער אַלגעמיינער פּאָבליק־סקול. זי איז ניט אויסען צו רעפאָרמירען די מעטאָדען פון לערנען בכלל אין דער קאַפּיטאַליסטישער שולע. זי וויל נאָר דערגאַנצען איהר. געבען דעם אידיש־קינד דאָס, וואָס די פּאָבליק־סקול גיט ניט, וויל ניט געבען, אָדער איז ניט אין שטאַנד צו געבען. פרעגט אונ־זערע נאַציאָנאַליסטען, פריינד און קעמפּער פאַר א אידישער ערציהונג: פאַר וואָס זיינען זיי ניט צופריעדען מיט דער פּאָבליק־סקול? וועלען זיי אייך זאָגען: דערפאַר, וואָס זי איגנאָרירט (וויל ניט וויסען) די נאַציאָנאַליטעט פון דעם קינד, איז אסימילאַטאָריש אין איהר וועזען. ווען אָבער די פּאָבליק־סקול וואָלט געלערנט דאָס אידיש קינד אידיש, וואָלט געהאַט א לעהרער אויף אידישע שפּראַך, געשיכטע, ליטעראַטור און אז. וו., וואָלט מען צו איהר קיין טענות ניט געהאַט.

אין אמת אָבער איז די פּאָבליק־סקול שלעכט ניט בלויז דערפאַר, וואָס זי איז ניט נאַציאָנאַל, נאָר דערפאַר, וואָס זי איז קאַפּיטאַליסטיש; וואָס איז ניט דעמאָקראַטיש אין איהר ער־ציהונגס־וועזען. מיר דאַרפען האָבען פאַר אונזערע קינדער ניט בלויז א נ אַ צ י אָ נ אַ ל ־ ר אַ ד י ק אַ ל ע שול, נאָר א נ אַ צ י אָ נ אַ ל ־ ד ע מ אָ ק ר אַ ט י ש ע. שפּראַך, געשיכטע, ליטעראַטור, דאָס איז בלויז גייסטיגע, און אויך ניט אין גאַנצען גייסטיגע, נאָר בלויז א טייל פון א פאָלקס גייסטיגער קולטור. דער עיקר קולטור פון א פאָלק דריקט זיך אויס אין זיין מאַ־טעריעלען שאַפען, אין דער אָרגאַניזירונג פון זיינע עקאָנאָמישע און סאָציאַלע כחות. שפּראַך, געשיכטע, ליטעראַטור איז נאָר די פאַרצייכנונג פון אָט דער שאַפונג. זיי האָבען נאָר א ווערט אויף אזוי פיעל, וויפיעל זיי שפּיגלען אָפּ דורך דער שפּראַך, אויפ׳ן פּאַפּיר, ריכטיג דאָס שאַפען פונ׳ם פאָלק אויף אַנדערע געביעטען פונ׳ם לעבען.

דער עיקר פעהלער פון דער קאַפּיטאַליסטישער שולע איז אין דעם, וואָס זי איגנאָרירט די אינדיווידועלע, פּסיכישע, פיזישע, גייסטיגע, סאָציאַלע נייגונגען און באַדערפענישען פון דעם קינד׳ס אָרגאַניזם; האַלט דאָס קינד פאַר א טויטע רעדעל אין דעם גראָבען מעכאַניזם פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעל־שאַפט און שטרעבט פון איהם צו מאַכען אַזאַ טויטע רעדעל, צוגעפּאַסט צו דער קאַפּיטאַליסטישער מאַשין. צו וואָס זאָל די קאַפּיטאַליסטישע שולע זיך אינטערעסירען מיט דער נאַציאָנאַ־לער פיזיאָנאָמיע פון דעם קינד, אז איהר אינטערעסירט בכלל ניט דאָס קינד, אַלס לעבעדיג וועזען אַליין פאַר זיך; איהר אינטערעסירט ניט דעם קינד׳ס אינדיווידועלע נייגונגען, פיזישע אנלאַגען, גייסטיגע שטרעבונגען. זי, די קאַפּיטאַליסטישע שולע, ווייס ניט, פאַרשטעהט ניט, וויל ניט און קאָן ניט פאַרשטעהן, אז יעדעס קינד איז ניט בלויז א גאַנצע, מערקווירדיגע, קאָמ־פּליצירטע מאַשין, נאָר א וועלט, א וואונדערבאַרע וועלט אַליין פאַר זיך, וואָס די שולע האָט די אויפגאַבע זי, אָט די קינדער־וועלט, אויף וויפיעל זי אַנטפּלעקט זיך אין דער נשמה פון יעדען קינד פריהער פון אַלץ צו שטודירען, און דאַן העלפען זיי זיך

ענטוויקלען צו דער פאָלקאָמענהייט, אויף וועלכער זי איז פעהיג. געבויט אויף אָט די צוויי זאכען: שטודירען און ענטוויקלען צו דער העכסטער שטופע די פעהיגקייטען פונ'ם קינד, דאַרף די שולע האָט א טיעף דורכגעטראַכטע סאָציאַל־עקאָנאָמישע פראָגראַם. שאַפען איז דער שטאַרקסטער און העכסטער אינטערעס, וואָס בינדט צו א מענשען צום לעבען; וואָס מאַכט דעם לעבען שען און איידעל. דער שאַפונגס־גייסט דאַרף אויך זיין קענטיג אין דער אָרגאַניזירונג פון רוהע, פון מענשליכע פאַרוויילונגען. דעם מענשענס ווערט אין לעבען און דעם לעבענס ווערט פאַר'ן מענשען ווערט אויסגעדריקט נור אין און דורך מענשענס שאַפען. דעם מענשענס ווערט אין דער איצטיגער געזעלשאַפט איז דאָס נ י ט. דעם מענשענס ווערט אין דער געזעלשאַפט, זיין פלאַץ אין דער וועלט, ווערט באַשטימט דורך געלד. ריכטיגער: דורך דער פעהיגקייט צו ווערען דער באזיצער פון וואָס א גרעסערע סומע געלד, צי דאָס קומט דורך אַרבייט, צי דורך שווינדעל, דורך עקספּלואַטירען יענעמס קרעפטען פאַר זיך — די שטרעבונג איז דיזעלבע, לויט דער פאָרם, ביי די אונטערדריקער און אונטערדריקטע. דער אונטערשיעד איז נאָר אין דער מאָס און אין דער מעגליכקייט. דער אַרבייטער שטרעבט צו פאַרדיענען א מאַקסימום לוין, וואָס דריקט זיך אוים אין א געוויסער סומע געלד, וועלכע ער האַלט פאַר נויטיג צו קענען לעבען אנשטענדיג. איהם אַרט ניט דערביי, וואָס פאַר א מין איז די אַרבייט, פאַר וועלכער ער קריגט זיין לוין. יענע אַרבייט שטעהט ביי איהם העכער, וואָס גיט א העכערן אַרבייטס־לוין. וועגען דעם, צי די אַרבייט האָט אַן אמת'ן געזעלשאַפטליכען ווערט, קלערט ער ניט. נאָך וועניגער קלערט ער: צי די אַרבייט קאָן נעהרען זיין שאַפונגס־גייסט, געבען א באַפריעדיגונג זיינע עסטעטישע און עטישע באַדערפענישען. ביי דער ערשטער מעגליכקייט, ווען אַן אַרבייטער קאָן זיך אַרויפאַרבייטען אַליין אויף א באָס, טוט ער דאָס מיט א רוהיגען געוויסען, כאָטש א סך אַרבייטער זיינען שוין איצט אויף אַזוי פיעל ענטוויקעלט, אַז זיי פאַרשטעהען, אַז האָבען א שאַפּ, א פאַבריק, וואו עס אַרבייטען אויף מיר אַנדערע מענשען, איז פונקט דאָסזעלבע, ווי איך וואָלט אויסשניידען ביי אָט די לעבעדיגע מענשען שטיקער פלייש פון זייער קערפער און אויפעסען; אָדער אויפשניידען זייערע אָדערן און אויסטרינקען און אויסזויגען זייער בלוט און מאַרך. דאָס איז, ווי מיר ווייסען אַלע, ניט קיין מליצה, נאָר די אמת'ע ווירקליכקייט. ס'איז קלאָר, אַז אפילו דער אַרבייטער אין דער איצטיגער געזעלשאַפט האָט ניט קיין אָפּשאַצונג פון זיין אַרבייט, לויט איהר עטישען, עסטעטישען און סאָציאַלען ווערט. צווישען דעם אַרבייטער און קאַפּיטאַליסט אין זייער וועלט אויפפאַסונג, לויט וועלכער זיי פיהרען זיך אין לעבען, איז דער אונטערשיעד בלויז אין די כמות, ניט אין די איכות; אין דער מאָס „וויפיעל“ און ניט „ווי“. דעם קאַפּיטאַליסט וואָס האָט די מעגליכקייט צו באַקומען פראָפיט א מיליאָן א יאָהר און פאַרלעבען דערפון א העלפט קומט גאָר ניט אויפ'ן זינען, אַז די אונגעהויערע צאָהל לוקסוס־אַרטיקלען און פאַרגניגענס, וואָס ער שאַפט זיך איין, איז ניט בלויז, וואָס זיי שטאַרקען ניט זיין לעבענס־גענוס, נאָר זיי שוואַכען איהם אָפּ, רואינירען זיין נערוועןסיסטעם, זיינע פיזישע כחות און מאַכען זיין אָרגאַניזם, זיין נשמה ניט פעהיג צו שפּירען די נאַטירליכע, געזונטע פאַרגעניגענס, וואָס שאַפען מעהר גענוס און לעבענסלוסטיגקייט, ווי די פאַר וועלכע ער באַצאָהלט זעהר טייער. דער אַרבייטער, וואָס מאַכט זיינע זעכציג, זיבעציג דאָלער א וואָך, פאַרשטעהט ניט, פונקט ווי דער קאַפּיטאַליסט, אַז ביי א מעהר אינטעליגענטער אָרגאַניזירונג פון דעם מענשענס פיזישען, גייסטיגען און סאָציאַלען לעבען, קאָן מען מיט צוואַנציג דאָלער א וואָך לעבען בעסער, געזינטער, שעהנער און לוסטיגער, ווי ביי דער איצטיגער גראָבער געזעלשאַפטליכער אָרדנונג מיט פופציג. דעם גרויסען לוין, וואָס אַן אַרבייטער באַקומט, גיט ער באַלד אוועק צוריק דעם קאַפּיטאַל און דער. אונוויסענהייט אין דער געשטאַלט פון פאַרשיעדענע אַרטיקלען, וואָס זיינען אַבסאָלוט ניט נויטיג פאַר זיין לעבענס־ערהאַלטונג אין איידעלען, געזונטען לעבענס־גענוס. פון דער אַנדער זייט קאָן ער בשום אופן ניט קריגען אַנדערע אַרטיקלען, וואָס זיינען אונבאַדינגט נויטיג פאַר זיין פשוט'ער פיזישער און גייסטיגער עקזיסטענץ, פאַר זיין פאַרוויילונג און ערציהונג פון זיינע קינדער. ער קאָן אפילו ניט קריגען קיין געזונטע שפּייז־אַרטיקלען, קאָן אפילו ניט קריגען קיין רעסטאָראַן, וואו צו שטילען אויף א געזונטען אופן זיין הונגער.

די גאַנצע קולטור, וואָס איהר זעהט אין דער גרויסער שטאָדט, איז גוטע דריי־פערטעל פון איהר איבריג פאַר דעם געזונטען קיום פונ'ם מענשען, און א העלפט איז שעדליך פאַר זיין גוף און נשמה. די גאַנצע שאַפונג פון דער איצטיגער געזעלשאַפט איז פאַר פראָפיט. ד. ה. זי איז געבויט אויף רויב. ניט בלויז ביי דעם אונטערנעמער, נאָר אויך ביי דעם אַרבייטער פעהלט דער עסטעטיש־עטישער און סאָציאַלער עלעמענט פון שאַפען. דער איצטיגער קלאַסען־קאַמף, וואָס ווערט געפיהרט פון אַרבייטער, איז בלויז א קאַמף פון וויידזשעם און אַרבייטס־שטונדען. דעם איבערבוי פון דער גאַנצער פּראָדוקציאָן אויף געזונטערע יסודות לעגען מיר אָפּ אויף נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, וועלכע מיר שטעלען זיך פאָר, ווי א דרעה פון מואווינג־פּיקטשורס, ווי א שפּרונג מיט איין מאָל פון גיהנום אין גן־עדן. אין אמת'ען האָט זיך די סאָציאַלע רעוואָלוציע שוין לאַנג אָנגעהויבען. אין אמת'ן ווערט יעדע נייע אָרדנונג געבויט אין דער אַלטער. אַנדערש קאָן דאָס ניט זיין. די נייע וועלט ווערט ניט באַשאַפען פון נייע מענשען, וואָס שפּרינגען פּלוצלינג אַראָפּ פון הימעל: די בויער פון דער נייער אָרדנונג זיינען מענשען, וואָס זיינען געבאָרען אין דער אַלטער אָרדנונג, וואָס האָבען אויסגעליטען אויף זיך אַלע יסורים פון דער אַלטער אָרדנונג, וואָס ווילען שאַפען א נייע אָרדנונג, ווייל זיי קענען גוט די אַלטע און ווייסען, אַז די אַלטע איז שלעכט, און ווייסען פאַר וואָס זי איז שלעכט און ווי אַזוי דאָס שלעכטע אויסצומיידען און מאַכען בעסער.

יעדע נייע אָרדנונג איז א נייע סאָציאַל־עקאָנאָמישע קאָנסטרוקציע פון דעם פאָלקס קרעפטען. די בויער פון א נייער אָרדנונג זיינען די יוגענד. די שולע דאַרף ניט בלויז ערציהען די יוגענד צום לעבען, נאָר זי דאַרף זי ערציהען צו א שעהנערן, בעסערן לעבען, ווי דער אין וועלכען זייערע טאַטעס האָבען זיך ערצויגען און לעבען. אָט דער שעהנערער און בעסערער לעבען דאַרף ניט בלויז געפּרעדיגט ווערן אין די סקול־ביכער (אין די איצטיגע סקול־ביכער איז פון דעם קיין זכר ניטאָ), נאָר דאַרף באַוויזען ווערען אַלס באַשיינפּערליכער מוסטער. די שולע מוז זיין אין מיניאַטיור (שטאַרק פאַרקלענערטען פאַרמאָס) ד ע ר שטאַאַט, ד י געזעלשאַפטליכע אָרדנונג, אין וועלכער מיר ווילען, אַז דאָס קינד זאָל לעבען ווען עס ווערט גרויס. אין דער שולע מוז געלעגט ווערען דער פונדאַמענט פאַר א נייע עקאָנאָמישע סטרוקטור פון דער געזעלשאַפט, וואָס דאַרף באַשטעהן אין ווייזען דעם קינד נייע וועגען פון מאַטעריעלען שאַפען, וואָס זאָל מעהר האַרמאָנירען מיט די געזונטע באַדערפענישען פון א מענשענס גוף און נשמה. אין דער שולע מוזען דעם קינד באַוויזען ווערען קאָאָפּעראַטיווע פאָרמען פון אַרבייט און צוזאַמענלעבען בכלל. אין דער שולע מוז געלעגט ווערען דער פונדאַמענט פון א געזונטער עסטעטישער פאַרוויילונג, מוז פאַרנעמען א גרויסען פלאַץ די עסטעטישע אויסבילדונג פון דעם קינד, אין דעם סאַמע ברייטען זין. ד. ה. ניט בלויז דאַרף די עסטעטיק־געלערנט ווערען אין דער געשטאַלט פון זינגען, שפּיעלען, מאָלען. די עסטעטיק דאַרף זיין די בעגלייטערין פון אַלע באַוועגונגען ביים קינד. זיין אַרבייטען, זיין רוהען, זיין עסען, זיין טרינקען, זיין ריידען, זיין שווייגען, זיין שלאָפען אפילו דאַרף זיין עסטעטיש.

ווען אָט די רעוואָלוציע איז נויטיג אין דער אַלגעמיינער שולע, וויפיעל נויטיגער איז זי אין דער אידישער פאָלקסשול. ווען די סאָציאַל־עקאָנאָמישע סטרוקטור פון דעם ניט אידישען לעבען איז פויל און חרוב אין דער איצטיגער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, וויפיעל מעהר איז זי חרוב און צעפוילט אין אידישען לעבען. יעדעס פאָלק האָט א געוויסען טייל, א העלפט, אָדער א דריטעל (דאָס רוסישע פאָלק האָט דריי־פערטעל פון דער גאַנצער באַפעלקערונג), וואָס זיין עקזיסטענץ, זיין פּסיכאָלאָגיע, זיין גאַנצער אָרגאַניזם איז געבויט אויף שאַפענדער אַרבייט; זיין גוף און נשמה זיינען א פּראָדוקט פון זיין העכסט וויכטיגער, העכסט נוצליכער מאַטעריעלער שאַפונג: יעדע נייע רעוואָלוציע אינ'ם לעבען פונ'ם גאַנצען פאָלק איז פ א ר איהם,

פאר אט דעם פראדוקטיווסטען טייל פונ'ם פאלק; מ י ט איהם און ד ו ר ך איהם ווערט זי דורכגעפיהרט. בלויז די עקאנאמיק פון דעם אידישען פאלק איז כמעט אין גאנצען א באדענלאזע, א שאפונגסלאזע. אפגעריסען דורך א גאנצע קייט היסטארישע סבות פון שאפענדער ארבייט, צענויפגעשטיקט אין שטאדט, זיינען מיר געווארען א פאלק פון קרעמער, פון לופט־מענשען, בטלנים און כלי־קודש. די געביעטען פון ארבייט, וואס מיר האבען גענומען אין אונזער מאנאפאל, א שטייגער, ווי די נאדעל־פאכען, האבען אלע חסרונות פון גרויס־אינדוסטריע און האבען ניט איהר וויכטיגסטע מעלה: די פראלעטאריזירונג פון די מאסען, דאס באשאפען ביי די מאסען א פראלעטארישע פסיכאלאגיע און פון די מאסען א ש ט ע נ ד י ג ע פראלעטארישע ארמיי. די אידישע אינדוסטריען ברויכען ניט קיין גרויסע מאשינעריע, קיין סך קאפיטאלען. עטליכע נעה־מאשינען און אביסעל הענט — דאס איז אלץ וואס די שניידעריי באדארף. דערצו דארף מען ניט האבען קיין סך קאפיטאלען. דעריבער לעבט יעדער ארבייטער, וואס ווערט עקספלואטירט, מיט דער האפנונג, אז ניט היינט, מארגען וועט ער אנדערע עקספלואטירען. אמת, א גאנץ קליינעם טייל גיט זיך דאס איין. אבער דעם אידעאל האבען אלע. די צענטראלע פיגור אבער פון דעם אידישען עקאנאמישען לעבען איז דער קרעמער. אפילו אונזער שאפען, וואו מיר שאפען יע, נעמט ביסלאכווייז אן א קרעמערשען כאראקטער. אונזער קונסט פארלירט איהרע איידעלע נשמה־עלעמענטען און ווערט פארוואנדעלט אין א קאריערע, שטעלט זיך אין דיענסט פונ'ם קאפיטאל, און דערמיט גופא ווערט די קונסט ביי אונז א פשוט'ע ביזנעס, פארמישט מיט אדווערטייזמענט־גייסט פונ'ם ביליגסטען סארט.

די סאציאלע רעוואלוציע, וועלכע האלט אין קומען אין אייראפא, האט שוין אומעטום א פארטיגען באדען אין דער פערזאן פון די ארגאניזירטע ארבייטער, פויערן און סאלדאטען, וועלכע זיינען, אלס שאפענדער עלעמענט, פעהיג און פאלקאם גרייט גלייך איבערצונעמען אין זיין פארוואלטונג דעם באדען, די פארקעהרס־מיטלען, די גרויסע אינדוסטריע־צווייגען, מיט איין ווארט, איבערנעמען די גרויסע אוצרות פון דעם פאלקס שאפונג און איבערגעבען זיי פון די אויסבייטער'ס הענד אין די הענד פונ'ם פאלק, דער שאפער פון די אוצרות. מ י ר האבען ניט אזא עלעמענט, וואס זאל האבען דאס מאראלישע רעכט איבערצונעמען באדען און אינדוסטריען, ווייל מיר האבען ביז אהער אין אט די געביעטען גאר ניט נעשאפען, אלענפאלס זעהר ווייניג געשאפען. מיר גיבען בלויז רעוואלוציאנערע אנצינדער, אגיטאטארען, בויער אין פאליטישען זין, אבער ניט אויף דעם סאציאל־עקאנאמישען געביעט.

און דעריבער קאנען מיר וועניג ערווארטען פאר זיך פון יעדער רעוואלוציע, אזוי לאנג ווי ביי אונז וועט ניט פארקומען א רעוואלוציע אין אונזער אינערליכען לעבען; אזוי לאנג ווי ביי אונז וועט ניט איבערגעבויט ווערען דער גאנצער סאציאל־עקאנאמישער באדען פון אונזער עקזיסטענץ אויף געזונטערע יסודות פון שאפענדער ארבייט. איבערהויפט אויף דעם ברייטען באדען פון אגריקולטור און גרויס־אינדוסטריע, וואו מיר זיינען כמעט לגמרי ניט פארטראטען.

די דאזיגע רעוואלוציע מוז זיך אנהויבען אין דער שולע. די פאלקסשול דארף ווערען דער פלאנץ־גארטען פון א נייער סאציאל־עקאנאמישער קולטור פאר אונזער פאלק. זאל מען ניט זאגען: וואס וועט העלפען די שולע, ווען ארויסגעהענדיג פון איהר וועט דאס אידיש קינד סיי ווי ניט זעהן פאר זיך קיין אנדער וועג, ווי צו געהן אין שאפ, אין קראם אדער אין אפיס. ד. ה. ארייכפאלען ווידער אין דער אלטער באדענלאזער סאציאל־עקאנאמישער אטמאספערע. איצט האט אט די טענה קיין שום גרונד ניט. מיר זעהען ווי פאר אונזערע אויגען ווערט צעפאלען די אלטע וועלט און עס האלט זיך אין בויען א נייע, א שעהנערע וועלט. די היסטארישע געשעהענישען געהען מיט אזא האסטיגקייט, אז דער קאפ שווינדעלט. פינף יאהר איז איצט אזא עפאכע, ווי אמאל פינף הונדערט יאהר. ווען מיר בויען איצט ריכטיגע פאלקסשולען פאר אונזערע קינדער, וועלען זיי, אונזערע קינדער, ארויסגעהענדיג פון דער שולע, שוין געפינען די וועלט צייטיג און צוגעפאסט צו דער ערציהונג, וואס זיי האבען אין דער שולע באקומען. עס איז ניט נויטיג אפצושטעלען זיך אויף איינצעלהייטען פון דער סאציאל־עקאנאמישער פראגראם פאר דער אידישער פאלקסשול. וויכטיג זיינען דא ניט די פרטים, נאר די אלגעמיינע גרונד־שטריכען. זיי זיינען: ערשטענס, ברענגען דאס אידיש קינד נעהענטער צו דער נאטור, צו וואלד און פעלד; צווייטענס, דאס אידיש קינד מוז לערנען אין דער שולע די וויכטיגסטע עלעמענטען פון מאטעריעלען שאפען, וואס וועט זיין נויטיג אין זיין שפעטערדיגע לעבען; שאפען, וואס איז ניט פארבונדען מיט ווייטיגשעם, נאר איז אין שטאנד צו ענטוויקלען די פיזישע קרעפטען, נעהרען די נשמה און זיין א קוואל פאר לעבענס־גענוס. דריטענס, דאס קינד מוז באקאנט ווערען אין דער פאלקסשולע מיט אלע פארמען פון קאאפעראטיווען שאפען און צוזאמענלעבען, מיט דער קונסט צו זיין זיין אייגענער קאסירער און בוכהאלטער אין ביידע זאכען: אי אין דער הכנסה, אי אין דער הוצאה פון לעבענס־בודזשעט. פערטענס: קונסט, עסטעטיק מוז באגלייטען אלע זייטען פון דעם קינד'ס ערציהונג, ניט אלס א געגענשטאנד פון אמביציע און קאריערע, נאר אלס וויכטיגסטער עטישער עלעמענט אין פריוואטען און סאציאלען לעבען.

אויף אט די פיער יסודות מוז געבויט ווערען די סאציאל־עקאנאמישע פראגראם פון דער אידישער פאלקסשול, וואס מיר געהען איצט בויען. אזוי פאדערט פון אונז דער מאמענט. אן דעם בוי פון דער פאלקסשול הענגט אפ די צוקונפט פון אונזער יוגענד, הענגט אפ די צוקונפט פון אונזער גורל: צי מיר זאלען זיין גלייכע מהותנים אויף דער שמחה, וואס די היסטאריע גרייט צו פאר אנדערע פעלקער; צי מיר זאלען זיצען אויף איהר, ווי אבלים, בלייבענדיג ביי אונזער צעבראכענער קאריטע, וויסטע שלים־מזלות ווי געוועזן...

---

איהר מעגט זיין פול מיט צווייפעל ביי נאכט ווען איהר לעגט זיך שלאפען, אבער אין דער פריה וואכט אויף מיט מוט און ענערגיע און מיט א פולען גלויבען, אז דורך אונזער ארבייט קענען מיר פיעל, זעהר פיעל ערררייכען.

* * *

ווען אייער פרוי איז א ו י ך א מיטגליעד אין א. ר. זייט איהר זיכער, אז אייערע קינדער וועלען אויפוואקסען טריי צו די שעהנסטע אידעאלען פון דער מענשהייט.

* * *

דער אמת'ער שלום וועט קומען אויף דער וועלט, ווען דער ארבייטער־קלאס וועט ארויסגעהן זיעגרייך אין דעם קאמף פון די ק ל א ס ע ן.

* * *

נישט צו ווערען א בירגער אין דער צייט וואס מ'קען, הייסט אוועקגעבען די בכורה פאר ג א ר נ י ש ט, אפילו נישט פאר א לעפעל לינזען.

אז איהר זייט נישט קיין בירגער און נישט קיין מיליאנער, וואו צעהלט איהר זיך און ווער רעכענט זיך עס מיט אייך?

* * *

אין אן אלטער הויז קריגט איהר נישט קיינע באקוועמליכקייטען. אין אן אלטער א ר ד נ ו נ ג קענט איהר נישט ערווארטען קיין נ י י ע באגריפען פון די, וועלכע האלטען איהר אונטער...

* * *

קענסטו אונז זאגען, דו נייגצעהן־נייגצעהן, וועלע גוטע ווינטען ברענגסט דו אין דיינע פליגלען און אין וואס פאר א פארב האסט דו איינגעטונקט דיין פינזעל?

* * *

דער אונטערשיעד צווישען א ליגען און א פאנטאזיע איז אויגענטליך מעהר נישט אין דער פארמע. עס איז אבער ק י י ן אונטערשיעד נישטא צווישען די ליגענס און פאנטאזיעס, וואס ווערען יעצט פארשפרייט וועגען רוסלאנד.

# צוויי אידישע קאָנגרעסען

פון ע. א. ברוידעס

וועגען דעם ערשטען קאָנגרעס פון דער אידישער ארבייטערשאפט אין אמעריקא, וועלכער איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין ניו יאָרק לעצטען מאָנאַט און האָט געדויערט כמעט פיער טעג, פון דעם 16טען ביז דעם 19טען יאַנואַר, האָט מען זעהר ווייניג געטומעלט. ער איז צוזאַמענגערופען געוואָרען אָהן רעש. ניט בשעת זיינע זיצונגען זיינען אָנגעגאַנגען, ניט נאָכדעם ווי ער איז געווען פאַראיבער — האָט מען וועגען איהם פיעל גערעדט אָדער געשריבען. אפילו די ריין־פּראָלעטאַרישע אידישע פרעסע האָט זיך קנאַפּ־וואָס מתעסק געווען מיט איהם און נאָר אַזוי ווי פון יוצא וועגען אָפּגעגעבען א ביסעל פלאַץ פאַר באַריכטען וועגען זיינע זיצונגען. און די דאָזיגע באַריכטען זיינען געשריבען געוואָרען כמעט אָהן א סימן פון וואַרימקייט, פון לעבעדיגען אינטערעס צו די מענשען, וועלכע האָבען זיך פאַרזאַמעלט, צו די צוועקען, פאַר וועלכע דער קאָנגרעס איז צוזאַמענגערופען געוואָרען, און צו די פראַגען, וועלכע ער האָט פאַרהאַנדעלט.

די פּראָווינציעלע אידישע פרעסע איז אויף דעם קאָנגרעס גאָרניט געווען רעפּרעזענטירט און עס איז מעגליך, אַז זי האָט איהם אפילו מיט קיין וואָרט ניט דערמאָנט.

ניט נור די יאהודימשע גדולים, נאָר אפילו די גדולים, וועלכע האָבען זיך דערדיענט צו זייער גדולה נאָר א דאַנק דער אידישער אַרבייטערשאַפט, וועלכע האָט זיי געגעבען א געלעגענהייט פאַר טעטיגקייט, האָבען ניט געפונען קיין אינטערעס צו באַזוכען כאָטש איינע פון די זיצונגען פון דער אידישער פּראָלעטאַרישער פאַרזאַמלונג.

די ענגלישע פרעסע, אפילו די סאָציאַליסטישע, האָט דעם קאָנגרעס אינגאַנצען פאַרשוויגען. אַן אָרימער אַמעריקאַנער רעפּאָרטער, זוכענדיג א „סטאָרי“, האָט פאַרבלאָנדזשעט אין דעם האָל, וואו די פאָרשטעהער פון די אידישע אַרבייטער אין אַמעריקא האָבען זיך פאַרזאַמעלט, און ער האָט זיך באַנוצט מיט דער געלעגענהייט צו פאַרדיענען עטליכע דאָלאַר. נור א דאַנק דעם האָבען א פּאָר ענגלישע צייטונגען אָפּגעדרוקט א צעהנדליג שורות וועגען דעם קאָנגרעס.

קיין איין איינציגע בלימעל איז ניט געווען צו זעהן אין האָל בשעת די זיצונגען זיינען פאָרגעקומען און דער טישעל פון דעם פּאָזיצענדען איז געווען באַפוצט נור מיט א היבשליכען אָרדנונגס־היטער, דעם האַמער.

צוריק מיט א פּאָר מאָנאַטען איז אין פילאַדעלפיא אָפּגעהאַלטען געוואָרען א אידישער כל־ישראל קאָנגרעס. וואָס עס האָט זיך אַרום איהם אָפּגעטון! — דער טומלעניש איידער מען האָט איהם צוזאַמענגערופען האָט אָנגעהאַלטען יאָהרען, און יעדער איינער, וועלכער האָט זיך מיט איהם אינטערעסירט, האָט אויף איהם געוואַרט ווי אויף א זעהר וויכטיגער געשעהעניש. פּראָלעטאַרישע צייטונגען האָבען צו יענעם קאָנגרעס געשיקט אָפּיציעלע קאָרעספּאָנדענטען, וועלכע האָבען געפונען פאַר נויטיג, צו באַשרייבען ניט נור יעדע קלייניגקייט וועגען יעדען קרים פון כמעט יעדען וויכטיגען אידישען „קאָנגרעסמאַן“, נאָר אויך אפילו וועגען דעם, ווי זיי זיינען באַהאַנדעלט געוואָרען פון די באַדיענטע אין און אַרום דעם קאָנגרעס האָל. אַלץ דאָרטען איז געווען וויכטיג און אינטערעסאַנט גענוג, אַז מען זאָל וועגען דעם אָנפיהרען לאַנגע און באַגייסטערטע דיסקוסיעס. פיעלע איסט־סיידער ראַדיקאַלען וועלען נאָך א לאַנגע צייט אַרומטראָגען זיך מיט א פאַרדרוס אין האַרצען דערפאַר, וואָס זיי האָבען ניט געהאַט דעם זכות אָדער דורכגעלאָזען די געלעגענהייט בייצוואוינען דעם ערשטען אידישען כל־ישראל קאָנגרעס אין אַמעריקא.

עס וואָלט אָבער געווען א גרויסער טעות צו דענקען, אַז וואָס אַנבאַלאַנגט אפילו צו ריין אידישע פראַגען זיינען די פאַרהאַנדלונגען און די באַשליסע פון דעם טומעלדיגען כל־ישראל קאָנגרעס געווען פון גרעסערער וויכטיגקייט, אָדער וועלען האָבען א גרעסערע ווירקונג אויף דעם אידישען לעבען, ווי די באַשיידענע און כמעט פאַרשוויגענע פאַרזאַמלונג פון דער אידישער אַרבייטערשאַפט.

די וויכטיגקייט פון יעדער געזעלשאַפטליכער טעטיגקייט ווערט באַשטימט הויפּטזעכליך פון דריי זאַכען: ערשטענס, די צאָהל מענשען, וועמעס אינטערעסען די דאָזיגע טעטיגקייט באַריהרט; צווייטענס, אויף וויפיעל זי האָט צו טון מיט די ווירקליכע לעבענס־באַדינגונגען פון די דאָזיגע מענשען, און דריטענס, אין וואָס פאַר א מאָס וועט די דאָזיגע טעטיגקייט האָבען א ווירקונג די באַדינגונגען צו פאַרבעסערען. די זאַגענאַנטע קולטורעלע מאָסען זיינען קיינמאָל ניט קיין זיכערע זאַך און וועגען זיי זיינען שטענדיג דאָ חלוקי דעות.

פון די אַלע דריי שטאַנדפּונקטען איז דער קאָנגרעס פון די אידישע אַרבייטער געווען פון פיעל גרעסערער וויכטיגקייט, ווי דער כל־ישראל קאָנגרעס אין פילאַדעלפיא.

דער עיקר ביים כל־ישראל קאָנגרעס איז געווען די פראַגע וועגען ארץ־ישראל. דאָס איז געווען די הויפּט־זאַך וואָס האָט צוזאַמענגעבראַכט די אַלע אידישע גדולים קיין פילאַדעלפיא. דאָס מיינט בשום אופן ניט, אַז אַלע, וועלכע האָבען זיך אין דעם קאָנגרעס באַטייליגט, זיינען געווען ציוניסטען. דר. זשיטלאָווסקי באַוואונדערט די „איבערנאַטירליכע“ געטליכע חכמה פון דער „געשיכטע“, וועלכע האָט „צוזאַמענגעשלעפּט“ דעם כל־ישראל קאָנגרעס, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס אויבען אויף האָט זיך אויסגעוויזען, אַז קיינער וויל איהם ניט האָבען. עס איז ניט וויכטיג וועמעס „חכמה“ עס איז געווען, אָבער עס איז זיכער אַז אפילו די יהודימשע געגנער פון דעם אָפיציעלען ציוניזם האָבען זיך באַטייליגט אין דעם קאָנגרעס הויפּטזעכליך כדי צו פאַרהיטען אַז די ציוניסטען זאָלען נאָך חלילה ניט פאַרשלעפּען דעם עולם צו ווייט אין זייער אָפּענעם אידישען נאַציאָנאַליזם. די ארץ־ישראל פראַגע איז געווען דער מיטעלפּונקט, אויף וועלכען די אידישע וועלט האָט זיך געדרעהט אויף דעם פילאַדעלפיער קאָנגרעס, און די דאָזיגע פראַגע ריהרט אָן די אינטערעסען פון זעהר א קליינער צאָהל אידען. דאָס וועלען מודה זיין אפילו די פאַרברענטסטע ציוניסטען, אויב זייערע קעפּ וועלען זיין גענוג קלאָר ניט צו צוזאַמענמישען ווירקליכע טאָג־טעגליכע לעבענס־אינטערעסען מיט זאַכען, אין וועלכע עס איז שווער צו באַשטימען וואו עס ענדיגט זיך דער „אין“ און עס פאַנגט זיך אָן דער „יש“.

די פאָדערונגען פאַר די אידען אין די „גלות“־לענדער זיינען גאַנץ פאַרשיעדען באַהאַנדעלט געוואָרען פון די צוויי קאָנרעסען. אויף דעם פילאַדעלפיער קאָנגרעס האָט מען געמוזט אַרבייטען עטליכע מעת־לעת נאָכאַנאַנד צו ווירקען אויף א געוויסען גדול־בישראל ער זאָל פאַרשטעהן די וויכטיגקייט פון דער פאָדערונג פון נאַציאָנאַלע רעכטע. איינינגע אַרבייטער־פאָרשטעהער אויף יענעם קאָנגרעס באַטראַכטען עס אַלס איינעם פון די „חדושים“, וואָס עס איז נאָך שווערע אַרבייט געלונגען קלאָר צו מאַכען דעם פּרוש המלות פון דער דאָזיגער פאָדערונג צו די יאהודימשע פיהרער פון דער כל־ישראל פאַרזאַמלונג. עס איז אָבער א גרויסער ספק צי די יאהודים וועלען ערנסט אַרבייטען פאַר אידישע נאַציאָנאַלע רעכטע אין מזרח־אייראָפּא, כאָטש זיי האָבען צוליעב געטון און אָפּגעשטימט פאַר זיי אין אַן אַלגעמיינער רעוואָלוציע. די ציוניסטען זיינען אָפען געגען דער דאָזיגער פאָדערונג.

דער אידישער אַרבייטער־קאָנגרעס האָט זיך פיעל גרינגער

ליכער, ערנסטער און מיט פיעל מעהר באוואוסטזיין פארהאַלטען צו די „גלות"־פאָדערונגען. מיט די דעלעגאַטען צו דעם קאָנגרעס האָט מען וועגען די דאָזיגע פאָדערונגען ניט באדארפט געהען שטודירען. יעדער איינציגער פון זיי האָט געפיהלט די נויטיגקייט צו זיין פריי אין דעם געברויך פון זיין שפראַך און ער האָט געוואוסט, אז די פאָדערונג פון פולער נאציאָנאַלער אויטאָנאָמיע איז העכסט וויכטיג פאַר דער ענטוויקלונג פון די אַרימע מאַסען פון אַלע אונטערדריקטע פעלקער. ער האָט טיעף פארשטאַנען די געפאהר פאַר זיינע לעבענס־אינטערעסען פון דער אגיטאַציע וואָס ווערט יעצט אָנגעפיהרט אין אמעריקא געגען דעם געברויך פון „פרעמדע" שפראַכען. ארבייטער זיינען הילפלאָז ווען מען שטערט זיי צוזאמעצוריידען זיך וועגען זייערע אינטערעסען אין דער שפראַך, וועלכע זיי פארשטעהען אַם בעסטען. אָהן נאַציאָנאַלע רעכטע בלייבען פאַר זיי די דעמאָקראַטישע פרייהייטען — פרייע רעדע און פרייע פרעסע — כמעט טויטע, נוצלאָזע זאַכען.

דער כל־ישראל קאָנגרעס אין פילאדעלפיא האָט אָנגענומען זיינע רעזאָלוציעס בקולות וברקים, מיט גרויסען טאַראַראַם; דער אידישער ארבייטער־קאָנגרעס האָט געפאַסט זיינע באַשליסע שטיל און באַשיידען. דאָך וועלען די לעצטע האָבען א פיעל שטאַרקערע ווירקונג אויף דעם לעבען פון די אידישע מאַסען. דער בעסטער באַוויז דערפאַר איז דאָס אַליין, וואָס דער כל־ישראל קאָנגרעס האָט זיך ניט געקענט צופריעדענשטעלען בלויז מיט דעם אָננעמען פון די רעזאָלוציעס. ער האָט געמוזט שיקען ספּעציעלע שלוחים צו די שרי אומות העולם אויסצושתדלנ׳ען ביי זיי זייער צושטימונג צו די אידישע פאָדערונגען. די אידישע פראָלעטאַריער האָבען זיך פאַרשפּאָרט מישב צו זיין אום צו פארוואַרפען א פאָרשלאַג וועגען שיקען א שליח מיוחד מיט זיינע פאָדערונגען קיין איירָאָפּא. זיי נוֹיטיגען זיך אין דעם ניט. זייערע רעזאָלוציעס זיינען נים קיין אינסטרוקציעס פאַר זייערע שתדלנים, נאָר אַן אויסדרוק פון זייער באַשלוס צו קעמפען פאַר באַשטימטע לעבעדיגע אינטערעסען. אין דעם קאַמף זייערען זיינען זיי ניט אַליין, און זיי זיינען באוואוסטזיניג וועגען דעם; מיט זיי זיינען די מאַסען פון אַלע פעלקער, פון די הערשענדע אַזוי גוט ווי פון די באַהערשטע. זיי האָבען ניט קיין בקשות צו בעטען פון קיינעם. זיי האָבען זיך פאַרזאַמעלט צו לאָזען וויסען זייערע מיטקעמפער, אין וועלכען טייל וועלט יענע זאָלען זיך ניט געפינען און צו וועלכען פאָלק זיי זאָלען ניט באַלאַנגען, אז די אידישע ארבייטער־מאַסען זיינען מיט זיי אין דעם אַלגעמיינעם קאַמף אום צוצוגעבען זיי מוט און מעהר זיכערהייט אין דעם ענדגילטיגען זיעג. דערפאַר איז גוט גענוג אפילו בלויז א מעמאָראַנדום. אפילו א גוי׳אישער ארבייטער־פארשטעהער אין איירָאָפּא קען אנפאַרטרויט ווערען מיט דער שליחות פון די אידישע ארבייטער־מאַסען אין אמעריקא. עס קען קיין ספק נים זיין, אז אַזעלכער וועט מיט פולער פאַראַנטוואָרטליכקייט און ערנסטקייט פארהאַלטען זיך צו זיין שליחות דערפאַר וואָס אפילו די נאַציאָנאַלע פאָדערונגען פון די אידישע מאַסען זיינען א טייל פון די אַלגעמיינע פראָלעטאַרישע פאָדערונגען אומעטום.

אידען האָבען נאָך קיינמאָל ניט באַקומען קיין וויכטיגע פערמאַנענטע פארליכטערונגען אין זייער לאַגע אָדער מענשליכערע רעכטע אַלס א רעזולטאַט פון שתדלנות, פון בקשות בעטען ביי שרים ומלכים. די פרייהייט וואָס די אידען האָבען באַקומען אַלע מאָל און אומעטום זיינען געווען א רעזולטאַט פון דעם קאַמף פון די מאַסען פאַר א בעסערער און פרייערער וועלט בכלל. ליידער פארשטעהען עס זעהר שוואַך די אידישע נאַציאָנאַליסטען און ציוניסטען. מיט די אידישע שתדלנים אָדער אָהן די אידישע שתדלנים — אידען וועלען יעצט אויך ניט באַקומען אפילו א האָר מעהר פרייהייט וויפיעל עס וועט נעלינגען די מאַסען פון אַלע אונטערדריקטע פעלקער אויסצוקעמפען פאַר זיך. און דער איינציגער ווירקזאַמער וועג פאַר אידען צו דערשלאָגען זיך נאָך אידישע רעכטע איז צו העלפען די ארבייטער־מאַסען פון אַלע פעלקער אין זייער קאַמף פאַר א פרייערער און בעסערער וועלט,

און יעדער אויסדרוק פון סימפּאַטיע מיט דעם דאָזיגען קאַמף איז פאַרשטאַרקערונג פון די כחות פון די קעמפער.

---

מען האָט פיעל געשריבען און גערעדט וועגען די „באַגייסטערנדע" מאָמענטען אויף דעם קאָנגרעס אין פילאדעלפיא. די באַגייסטערונג איז געקומען פון דעם, וואָס געוויסע באַשליסע אויף יענעם קאָנגרעס וועגען זאַכען, וועלכע, מען האָט ערוואַרטעט, וועלען שאַפען א שפּאַלטונג צווישען די פאַרזאַמעלטע, זיינען אָנגענומען געוואָרען איינשטימיג. מען האָט זיך אויף דער מינוט איינגערעדט, אז דורך דעם איז געשאַפען געוואָרען אחדות צווישען אידען. אָבער אַזאַ איינרעדעניש דאַרף זיין דער קלענסטער קוואַל פאַר באַגייסטערונג ביי פּאָליטיש־באַוואוסטזיניגע מענשען.

צווישען די דעלעגאַטען צום אידישען ארבייטער־קאָנגרעס זיינען געווען זעהר וועניג געלעהרטע פּראָפעסאָרען, שטאַאַטסלייטע, שרייבער, פּראָפעסיאָנעלע פּאָליטיקער און מענשען מיט א שטאַרקען פּערזענליכען איינפלוס. אויף וויפיעל אַזוינע זיינען דאָרטען געווען האָבען זיי זיך אויך געלאָזט פאַרפיהרען פון דער „דיכטונג" אין דעם רוף צו אחדות. אָבער די פּראָלעטאַריער האָבען זיך ניט געלאָזט פאַרפיהרען פון שעהנע, אָבער אינהאַלטסלאָזע, ווערטער. די גרויסע מעהרהייט פון די אינטעליגענטען, וועלכע האָבען אויסגעאַרבייט די רעזאָלוציע וועגען פּאַלעסטינא, האָבען זיך געאייניגט אויף א פּשרה־אָפּמאַך, אויף א פראַזע, וועלכע האָט געהאַט די איינציגע מעלה, וואָס זי האָט קיין באַשטימטע זאַך גיט אויסגעדריקט. געוועהנליך רעדט מען זיך איין, אז די ארבייטערזמאַסען לאָזען זיך פיהרען אונבאוואוסטזיניג פון זייערע פיהרער. אָבער דער קאָנגרעס פון די אידישע ארבייטער־פאָרשטעהער האָט קלאָר באַוויזען, אז לכל הפחות וואָס אנבאַלאַנגט די אידישע ארבייטער איז עס פאַלש. קיינע שעהנע משלים און רופען צו אחדות האָבען ניט געהאָלפען. די מאַיאָריטעט רעזאָלוציע וועגען פּאַלעסטינא איז פאַרוואָרפען געוואָרען פון דעם קאָנגרעס דורך א גרויסער מעהרהייט. דער דאָזיגער קלאָרער באוואוסטזיין פון די אידישע ארבייטער וועגען זייערע פּאָליטישע צוועקען, זייער פעסטקייט אין דעם גלויבען, אז זייער גאולה אויך אַלס אידען, ניט נור אַלס ארבייטער, וועט קומען מיט דער באַפרייאונג פון דעם ארבייטער־קלאַס אומעטום איז א מעהר זיכערער קוואַל פאַר באַגייסטערונג ווי דיכטונג וועגען אחדות.

עס קומט א שבח דעם פאָרשטעהער פון די פּועלי־ציון אויף דעם ארבייטער־קאָנגרעס, ב. צוקערמאַן, פאַר זיין געזונטען פּאָליטישען חוש. ער האָט ניט דורכגעלאָזען די געלעגענהייט צו דערמאָנען זיינע חברים, אז אויב עס איז באַשערט ווען עס איז דעם ארץ־ישראל אידעאַל צו פאַרווירקליכט ווערען, וועט עס געטון ווערען פון די אידישע ארבייטער און ניט פון קיינעם אַנדערען.

חבר ב. צוקערמאַן, ווייזט אויס, ווייס גאַנץ גוט וואו ער האַלט אויף דער וועלט, כאָטש ליידער באַגרייפט ער נאָך ניט, אז ווי טיעף די בענקעניש נאָך א ווירקליכער אידישער היים זאָל ניט זיין פאַרבאָרגען אין די הערצער פון די אידישע ארבייטער, טאָרען זיי אויף איין מאָמענט ניט לאָזען זיך פאַרפיהרען פון פאַלשע האָפנונגען און אָפּגעבען זיך מיט זאַכען, וועלכע וועלען אָפּשוואַכען זייערע כחות פאַר דעם קלאַסענקאַמף, וועלכער, צוזאַמען מיט דעם ארבייטער־קאַמף פון אַלע אַנדערע פעלקער, איז זיין איינציגע האָפנונג אפילו פאַר דער פאַרווירקליכונג פון זייערע נאַציאָנאַלע אידעאַלען.

די גרויסע מעהרהייט דעלעגאַטען צום ארבייטער־קאָנגרעס האָבען דאָס פארשטאַנען און דערפאַר האָבען זיי זיך אָפּגעזאָגט פון דער פּשרה־רעזאָלוציע וועגען „א היים אין ארץ־ישראל". זייער טיעפע אינערליכע בענקעניש נאָך א היים איז ביי זיי דורך דעם ניט פארשוואונדען. זיי נויטיגען זיך אין רוהיגע היימען מעהר פון אַלע אַנדערע קלאַסען צווישען אידען, אָבער צוליעב דעם גופא האָבען זיי ניט געקענט ערלויבען, אז דיכטונגספולע׳ אָבער אינהאַלטסלאָזע פראַזען זאָלען פאַרטונקלען זייער קלאָרען קלאַסען און נאַציאָנאַלען באוואוסטזיין.

# פעריל פון דער רעוואָלוציאָן

י. ב. ביילין:

„והביטו אלי את אשר דקרו,
וספדו עליו כמספר על היחיד
והמר עליו כהמר על הבכור.“
זכריה י"ב.

„דאָך ווען די זון וועט אויפגעהן העל
אריבער אונזער לאַנד,
דאַן ווערט פון יעדען טראָפען שנעל
אַ ליכטיגער בריליאַנט.“
א. ליעסין (מאַרטירער־בלוט).

דער נייגטער וואל פון דער רעוואָלוציע האָט דעם ווייסגעלייטערטען שוים פון זיין געכוואליעטען שפּיץ צושפּריצט ארום און ארום אין טויזענדער פינקעלדיגע, פּערעל־ריינע און קאָליערפולע טראָפּענס. ווער קען עס זיי צעהלען, ווער קען עס זיי אָפּשאַצען? אין די טויזענדער זיינען זיי געפלויגען, די בריליאַנטענע פּערעל, אַ ווײלע זיך אין די זונען־שטראַהלען געשפּיגעלט און שימירירט און באַלד צוריק צו דעם ברעג געפאַלען און פאַרשלונגען געוואָרען אין די טונקעלע, אויפגעברויזטע וואַסערען...

אין די טויזענדער זיינען זיי זיך צוזאַמענגעקומען פון די פאַרשיעדענע ווינקעלאך פון די פּראָלעטאַריער־קוואַרטאַלען, באַפּליגעלט מיט נייע נשמות און באַטריבען פון אונפאַרשטענדליכע כחות, וואָס האָט זיך אין זיי פון ערגעץ גענומען. ווי מאַיאָווע שמעטערלינגען אינ'ם פאַר'כשופ'טען זום־זום פון פליהען האָבען זיי זיך צו דעם שטראַלענדען ליכט אַ וואָרף געטאָן מיט דעם מעכטיגסטען אימפּעטיגען שוואונג און פאַרשלונגען געוואָרען פון די פייער־צונגען...

ווער קען עס זיי צעהלען, ווער קען זיי יעדערען באַזונדער געדענקען? אין איין גרויסען הויפען פון היילינגען אַש ליגען זיי פאַר אונז אין דעם קרעמאַטאָריום פון אונזער צייט, אויסגעמישט צוזאַמען.

צוויי בריליאַנטענע פּעריל שוועבען נאָך אָבער אַלץ פאַר אַנזערע אויגען, ציטערענדיג און פלאַטערענדיג מיט רעגענבויגענדיגע ניואַנסען, אָן וועלכע די גאָלדענע שטראַהלען פון דער זון האָבען זיך אָנגעהאַנגען און קענען זיך פון זיי נישט אָפּרייסען...

צוויי גרויסע גייסטער, צוויי פלאַקערענדע נאַטורען, וואָס האָבען פאַר אַ לענגערער צייט זייערע שטראַהלען אויף אונז געוואָרפען, קענען נישט אין דער אָפּגעקיהלטער לופט אויסגעהן. זיי גליהען נאָך אַלץ פאַר אונז ווי גרויסע אונפאַרלעשליכע עלעקטרישע פונקען — ראָזא לוקסענבורג און קאַרל ליעבקנעכט.

אַ היילינגער ציטער לויפט דורך פון די דינגע האָר־שפּיצען אויפ'ן קאָפּ ביז די פאַרמאַזאָליעטע און דענערווירטע נעגעל פון די פיס — אַרויסברענגענדיג די נעמען פון די צוויי קדושים.

און נישט דערפאַר, וואָס זיי זיינען אומגעקומען אונטער אַזעלכע שרעקליכע אומשטענדען... נישט דערפאַר, וואָס דער צעווילדעטער מאָב האָט זייערע טריט געברענט און אין די אָרעמס פון טוידט זיי געטריבען — דאָס איז דאָך געוועזען דער שטענדיגער גורל פון די משה'ס, זכריה'ס, בראונ'ס און אַנדערע — די אייביגע טראַגעדיע פון וואָרפען שטיינער אין די קעפּ פון די, וואָס אַ האַלאָ פון שטראַהלען באַקרייזט דערנאָך זייער קאָפּ...

ניין, מיר קענען זיך נישט דערפאַר אָפּרייסען פון די צוויי פּעריל פון דער רעוואָלוציאָן, ווייל זיי זיינען אַזעלכע זעלטענע יקר המציאות, וואָס האָבען, דוכט זיך, קיין גלייכען נישט צו זיך אין אַלע שאַצקאַמערען פון דער געשיכטע.

ביידע האָבען פון זייער פריהעסטער צאַרטסטער יוגענד ביז דעם לעצטען פּולס־שלאָג אין איינעם פון די ווייטסטע קלענסטע אָדערלאַך פאַרקניפּט אַלע פעדים פון זייער לעבען מיט די הערליכסטע חלומות פון די בעסטע קינדער אויף דער ערד. ראָזא לוקסענבורג'ס האַרץ האָט פון איהר זיבעצעהן־יעהריגען עלטער אָן געקלאַפּט פאַר'ן שמאַכטענדען אַרבייטער־קלאַס און דער גאַנצער זאַפט פון איהר מוח האָט פאַר דער גאַנצער צייט גענעהרט און געשפּייזט זיינע רעוואָלוציאָנערע אידעאַלען. קיין פּיעלע לוקסענבורגס מיט אַזא גאון'ישע קאָפּ האָבען זיך אַפילו אין דייטשלאַנד נישט געוואַלגערט. אַזא לוקסענבורג, אָבער, מיט אַזא רעוואָלוציאָנערער נשמה האָט אַפילו צווישען די פלאַמענדיגע אידישע טעכטער קיין גלייכען נישט. דאָס איז נישט געוועזען אַ נאַטור וואָס האָט זיך אָנגעצונדען, העל אַ פלאַקער געטאָן און זיך שפּעטער אויסגעלאָשען. דאָס איז געוועזען אַ שטענדיג גליהענדער פלאַם, וואָס האָט רעגעלמעסיג געוואָרעמט און נערוויכטען, און עס קען זיך קוים גלויבען, אַז יעצט האָט ער אויפגעהערט צו פונקציאָנירען.

קאַרל ליעבקנעכט, ווידער, האָט נאָך איינגעזאַפּט אין זיין מוטערס לייב דעם רעוואָלוציאָנערען גלוטה, מיט וועלכען ער האָט זיך אויסגעצייכענט אַ גאַנצען לעבען. ווען זיין מוטער האָט איהם אין איהר בויך געטראָגען איז דער פאָטער, דער באַוואוסטער סאָלדאַט פון דער רעוואָלוציאָן ווילהעלם ליעבקנעכט, ארעסטירט געוואָרען פאַר „פעררראַטה“. ער האָט איהר קאָכיגעם מילך געזויגען, וואָס יעדער טראָפּען דערפון איז געוועזען צופלאָסען און אויסגעמישט מיט אַ העלישען האַס צו דער יונקער־בורזשואַזער הערשאַפט און מיט אונבאַגרענצטער הייסער ליעבע צו דעם פּראָלעטאַריאַט...

און דאָס איז טאַקע אויסגעוואַקסען אַ שרעקענס־געשפּענסט פאַר די טיראַנען און אַ נביא פון ליעבע און שלום פאַר דער צובלוטיגטער מענשהייט. פון איין טורמע אַרוים אין דער צווייטער אַריין האָט אָט דער אונערמיעדליכער ריטער פון דער רעוואָלוציאָן, ווי אַ בייזער חלום, נאָכגעפאָלגט יעדען טריט פון דער בורזשואַ־יונקערשער קייזער־רעגיערונג און אַלע איהרע טייוועלשע פּלענער ענטפּלעקט. פון דער צווייטער זייט האָט ער אונאויפהערליך גערופען דאָס פאָלק צום קאַמף, געשטאַרקט זיין גייסט, געהויבען זיין מוט, און ווען די צייט איז געקומען — דער אויפשטאַנד האָט געפלאַקערט און די קאַנאָנען האָבען ווי לייבען געברילט אין די גאַסען, האָבען אַלע צווישען זיך אויך דעם וואַגענדען קאַרל'ען געזעהן, שפּאַצירענדיג צווישען די קוילען מיט דעם ביקס אויף די פּלייצעס... און וועלכען געפעהרליכען פייער איז ער עס נישט געקראָכען?!

* * *

ביידע זיינען זיי געפאַלען צוזאַמען מיט אַנדערע צעהנדליגע און הונדערטע קעמפּער, וועמענס באַזונדערע נעמען מיר וועלען, וואַהרשיינליך, קיינמאָל נישט הערען.

דאָס פאָלק, דאָס גאַנצע פאָלק, וועט אין גיכען געוויס נישט איינמאָל אַ היבשען טייל פון זיין יעהרליכען בלומענגערטעניש אויף זייערע קברים אויסשפּרייטען.

אָבער שרעקליך וועט זיין דער געמיטה־צושטאַנד פון די, וואָס האָבען דעם שוידערליכען פאַרברעכען באַגאַנגען. אַ העלישע קללה וועט זיי פאַרפאָלגען וואו זיי וועלען זיך ווענדען. די וואָס האָבען געלעגט זייערע הענט אויף די צוויי ליעבסטע קינדער און מוטיגסטע נביאים, די וואָס האָבען די צוויי שעהנסטע פּעריל פון דער רעוואָלוציאָן מיט זייערע גראָבע שטיוואַלעס צוטראָטען!

ניין, די צושפּריצטע טראָפּענס פון דעם נייגטען וואַל פון דער רעוואָלוציע וועלען נישט פאַרזונקען און פאַרשוואונדען ווערען; זיי וועלען אַלע, ווי שעהנע בריליאַנטען, איינגעפאַסט ווערען אין דעם אייביגען קרוין. פון דעם לעבען וואָס קען נישט שטאַרבען, אָדער וועלקען. און פון צווישען זיי אַרוים וועלען זוניג אַרויסבליצען די צוויי גרויסע בריליאַנטענע פּעריל, ראָזא לוקסענבורג און קאַרל ליעבקנעכט.

י. אדלער:

# אַ ליכטיג ווייסער טרוים

פליהען שנעעלאַך פון הימעל,
שפּינט זיך אויס ביי מיר אין האַרצען
אַזאַ וויטע טיעפע בענקשאַפט...
עס דערמאַנט מיך אָן מיין יוגענד.
אין מיין טאַטענס קליינעם שטיבעל,
דאַרטען זעה איך אויף די שויבען
ווייסע בלעטער, זילבער-צווייגען.
ס'דאַכט מיר: עפּעס אַ מכשף
אַנגעטאָן אין ווייסען,
מיט אַ פעדער, שטעהט אין דרויסען
און ער צייכענט ווייסע סודות
אויף אַ לשון פון חרטומים...

פליהען שנעעלאַך פון הימעל,
טראַכט איך: ווייסע שמעטערלינגען;
בלייבט עס: ווייסע שמעטערלינגען.

ניין, דער שנעע איז פיעל נאָך שעהנער!

מעק איך אויס די שמעטערלינגען
און פאַרשרייב מיר:
„עמיץ האָט גענומען ווייסע טויבען,
זיי די פליגעל אויסגעריסען,
איטליכס פעדעריל באזונדער
שטיל צואוואַרפען אויף דער וועלט."
בלייבט עס: יונגע ווייסע טויבען.

ניין, דער שנעע איז פיעל נאָך שעהנער!

מעק איך אויס די ווייסע טויבען
און פאַרשרייב מיר:
„ס'פליהען ווייסע קאַרשען-בליהטען,
אָדער ווייסע זומער-פייגעל."
בלייבט עס, הייסט עס: קאַרשען-בליהטען.
אָדער ווייסע זומער-פייגעל.

ניין, דער שנעע איז פיעל נאָך שעהנער!

שטרייך איך אויס די קאַרשען-בליהטען,
מעק איך אויס די ווייסע פייגעל
און פאַרשרייב מיר:
„ס'האָט דער בורא אָנגעקליבען
פון זיין גרויסען בלומען-אוצר
פרישע יונגע ווייסע רויזען
און באַפוילען זיינע ווינטען
זיי צעוואַרפען אויף דער וועלט."

ניין, דער שנעע איז פיעל נאָך שעהנער.

שטרייך איך אויס די ווייסע רויזען
און פאַרשרייב מיר:
„ס'האָט דער בורא אויסגעקליבען
פון זיין גרויסען בלומען-אוצר
וואונדערשעהנע ווייסע ליליען,
וואָס פון רויזען זיינען ווייסער,
אויסגעפליקט פון זיי די בלעטלאַך;
יעדעס בלעטעלע באזונדער
מיט די פינגער אָנגענומען,
מיט זיין אָטעם זיי צעוועהעט
אויף דער וויטער, וויטער וועלט..."

ניין, דער שנעע איז פיעל נאָך שעהנער!

מעק איך אויס די ווייסע ליליען
און פאַרשרייב מיר:
„זילבער-ווייסע בערג-טומאַנען
האָבען אין דער לופט געוואָגעלט
ווי פאַרלאָזענע יתומים.
האָט זיי אימיצער צופליטערט,
יעדעס פליטעריל באזונדער
אויף דער ערד אַראָפּגעשיקט."
בלייבט עס: ווייסע בערג-טומאַנען.

ניין, דער שנעע איז פיעל נאָך שעהנער!

שטרייך איך אויס די בערג-טומאַנען
און פאַרשרייב מיר:
„אויף דעם בלויען פאָן פון הימעל,
אין אַ קאַלטער נאַכט, אַ שטילע,
האָבען זיך צונויפגעזאַמעלט
אפשר אַ מיליאָן לבנות
צו בעזילבערען די ערד.
פלוצים האָט אַ בליץ געגעבען.
ווי אַ שלאַנג פון ווייסען פייער
האָט דער בליץ אַ טאַנץ געגעבען,
זיך מיט קראַפט אַריינגעריסען
אין דער מחנה פון לבנות
און שטיקער זיי צושמעטערט."
בלייבט עס: שטיקלאַך פון לבנות.

ניין, דער שנעע איז פיעל נאָך שעהנער!

לעש איך אויס באַלד די לבנות
און פאַרשרייב מיר:
„קלאָרע טרערען פון מלאָכים,
טרערען ריינער נאָך פון פעריל,
האָט אַן אומבאַקאַנטער אָטעם
איינגעגליווערט אין דעם רוים..."
בלייבט עס: טרערען פון מלאָכים.

ניין, דער שנעע איז פיעל נאָך שעהנער!

אָט די שנעעלאַך, דאָס זיינען
מעלאַנכאָלישע מחשבות,
אויפגעוואַכט אין בורא'ס דמיון.
און אַ יעדערע מחשבה
שוועבט אַראָפּ אויף אונזער וועלטעל
ווי אַ ליכטיג-ווייסער טרוים...

# פון לאַנגווייליגקייט צו שטורעם

פון ש. ראַבינאָוויטש

אין קיין קאַפּיטאַליסטיש־ענטוויקעלטען לאַנד האָט דער סאָציאַליזם ניט געמאַכט אַזוי וועניג פאָרטשריט, און די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט ניט אויסגעקוקט אַזוי קליין, אונבאַדייטענד, אונגווירקזאַם, ווי ביי אונז דאָ, אין אַמעריקאַ, וואו קאַפּיטאַל האָט דערגרייכט כמעט די העכסטע שטופע פון ענטוויקלונג.

ניט אַריינגעהענדיג אין טיעפע חקירות, וואָס זיינען געווען די היסטאָרישע אורזאַכען, וואָס האָבען געבראַכט די אַרבייטער צו אַזאַ פאַרגליווערטען צושטאַנד, וועל איך בלויז ציהען די אויפמערקזאַמקייט אויף דער טרויעריגער לאַגע פון אונזער אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

איבער דער גאַנצער לענג און ברייט פון דער גרויסער אַמעריקאַ זיינען פאַנאַנדערגעוואָרפען קליינינקע סאָציאַליסטישע קלייזלאַך. אַ גאַנצען יאָהר פאַרקעט מען זיך שטילינקערהייט. עס קומען צו עטליכע מעמבערס, עס פאַלען אָפּ עטליכע. דאָ מאַכט מען אַ דעבאַטעלע, אַ דיסקוסיע, דאָ אַ לעקטשור, אַ רעפעראַט. עס איז לאַנגווייליג ביז צום טוידט.

אַזוי ציהען זיך די טעג און די וואָכען, ביז עס קומט אָן די גאָלדענע צייט פון עלעקשאָנס. דאַן ווערען מיר געפעהרליך ביזי. מיר פאַרפלייצען די גאַסען מיט פּאַמפלעטען. אויף די קאָרנערס שטעהען אונזערע רעדנער און מען דרשנ'ט. די סאָציאַליסטישע צייטונגען האַלטען אין איין באָמבאַרדירען דעם עולם מיט סאָציאַליזם. און טאָמער גליקט אונז אָפּ און מיר ערוועהלען אַ קאָנגרעסמאַן און אַ פּאָר אַסעמבלי לייט — אָה, ווער איז צו אונז דאַן גלייך! מיר ווילען ניט אויפהערען וועגען דעם ריידען און שרייבען. אַ קלייניגקייט, מיר האָבען שוין אין אַמעריקאַנער קאָנגרעס אַן אייגענעם קאָנגרעסמאַן, און אַז אונז גליקט ניט אָפּ — האָבען מיר דאָס אויך ניט.

אַ טרויעריג בילד.

און אין דערזעלבער צייט טוט זיך אין אייראָפּא אָפּ מעשים. דער סאָציאַליזם מאַרשירט זיעגרייך, נעהמט איין פּאָזיציע נאָך דער אַנדערער, און ער גיט אָנצוהערעניש, אַז ניט היינט, מאָרגען וועט ער ווערען דער איינציגער בעל־הבית.

און דער אַמעריקאַנער סאָציאַליסט האָט געקוקט מיט קנאה אויף אייראָפּא. אה, ס'אַראַ רוישיגע פרעהליכקייט, ס'אַראַ פיבערישע טעטיגקייט קומט דאָרטען פאָר און דאָ איז אַ שטילקייט פון אַ בית־עולם. דאָרט זיינען מיט דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי מיליאָנען אַרבייטער, די אמת'ע בעלי־בתים פון דער וועלט, און דאָ — האָט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אינטעליגענטע קלייזלאַך, און די מיליאָנען אַרבייטער זיינען אונטער דעם דרוק פון'ם פאַרשימעלטען גאָמפּערסיזם, און שלעפּען זיך נאָך דער דעמאָקראַטישער אָדער דער רעפּובליקאַנישער פּאַרטייען.

נאָר אָט האָט זיך מיט אַמאָל די סיטואַציע אין גאַנצען אומגעביטען. דער אַמעריקאַנער אַרבייטער האָט דערזעהן אין וואָס פאַר אַ בלאָטע ער איז דורך גאָמפּערס'ן פאַרקראָכען, און ער געהט אָפּזונדערען זיך פון אַלע פּאַרטייען, אָרגאַניזירען אַן אייגענע פּאַרטיי, אַן א ר ב י י ט ע ר פּאַרטיי. עס איז ניט וויכטיג, וואָס די באַוועגונג האָט זיך אָנגעפאַנגען פון אַ לאָקאַלער, אונבאַדייטענדער זאַך, דערפאַר וואָס דער סיטי קאָונסיל אין שיקאַגאָ האָט צוריקגעוויזען די אַרבייטער־פאָרשטעהער, וואָס מעיאָר טאָמפּסאָן האָט אָפּאָינטעד. צופעליג האָט איינער אָנגעצונדען אַ שוועבעלע, אָבער וואָלט דער אויפרייסענדער מאַטעריאַל ניט געווען נאָהענט, וואָלט די עקספּלאָזיאָן ניט געווען אַזוי גרויס און וואָלט ניט אָנגעטאָן אַזוי פיעל שאָדען. ווייסען מיר דאָך, אַז כמעט אַלע גרויסע באַוועגונגען, איבערקעהרענישען האָבען זיך אָנגעהויבען פון אַ קלייניגקייט. פון צופעליגע דעמאָנסטראַציעס פאַר ברויט האָבען זיך אָנגעפאַנגען די וועלט־איבערקעהרענדע רעוואָלוציעס, פון אַ שאָס אין סאַראַיעווע האָט אויסגעבראָכען די וועלט־מלחמה. מען דאַרף ניט זיין קיין גרויסער פילאָזאָף צו פאַרשטעהן, אַז וואָלט דער באָדען פאַר אָט די אַלע זאַכען ניט געווען צוגעגרייט פון פריהער, וואָלטען די וועלט־אויפטרייסלענדע היסטאָרישע פּאַסירונגען ניט פאָרגעקומען.

דאָס זעלבע איז אויך מיט די מיליאָנען אַמעריקאַנער אַרבייטער.

עק־פּאָליטיק איז פרעמד דעם אַרבייטער־קלאַס אַלס אַזעלכען. זיין עקאָנאָמישע און געזעלשאַפטליכע לאַגע פאָדערען פון איהם, אַז ער זאָל זיך פּאָליטיש אָפּזונדערען פון די בורזשואַזע פּאַרטייען. עס זיינען אָבער געווען פיעלע אורזאַכען, וואָס האָבען דעם באַוואוסטזיין פון'ם אַמעריקאַנער אַרבייטער פאַרנעבעלט און דאָס האָט געגעבען די מעגליכקייט גאָמפּערס'ן און חברותא צו האָבען אויף איהם אַן אויסשליסליכען איינפלוס.

זיי זיינען אָבער דאָך אַרבייטער, און ווילענדיג ניט ווילענדיג זעהען זיי, ווי פון זייער עק־פּאָליטיק ווערען די קאַפּיטאַליסטען אַלץ רייכער און זיי — אַלץ אָרימער, און דאָ האָט אַ וועהע געטאָן אַ פרישער ווינטעל פון דער אַנדער זייט פון אַטלאַנטישען אָקעאַן, און . . . אַ קליינער צופאַל האָט פּלוצלינג עלעקטריזירט די אָרגאַניזירטע אַרבייטער פון גאַנץ אַמעריקאַ. פון ניו יאָרק ביז קאַליפאָרניא הערט זיך איצט צווישען די אַרבייטער איין אויסגעשריי: לאָמיר זיך אָרגאַניזירען אין אַ באַזונדער פּאַרטיי, און וואָס שנעלער. עס גרינדען זיך קאָנפערענצען, מ'אַרבייט אויס פאָדערונגען. עס ווערט פרעהליך. עס הויבט אָן צו רוישען, צו קאָכען. אָ, עס איז דאָך פאַראַן אַ האָפנונג, אַז מיר וועלען זיין מיט לייטען גלייך!

---

ווי דאַרף זיך די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי באַציהען צו דער נייע־באַשאַפענער סיטואַציאָן? ווי דאַרף זי אויפנעהמען דעם פאַקט, וואָס די אַמעריקאַנער אַרבייטער זיינען ענטשלאָסען צו גרינדען אַ באַזונדערע אַרבייטער־פּאַרטיי?

עס טאָר גאָר, קיין פראַגע ניט זיין.

פאַר דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי עפנט זיך אַ גראַנדיעזע מעגליכקייט צו פאַרשפּרייטען דעם סאָציאַליזם אויף אַ גרויסען מאַסשטאַב. צום ערשטען מאָל פאַר איהר לאַנגער, לאַנגווייליגער עקזיסטענץ קריגט זי אַן אַריינטריט אין די ברייטע מאַסען. באַגעגענט זי זיך פנים לפנים מיט דעם אמת'ן מאַכער פון דער געשיכטע. זי דאַרף די באַוועגונג באַגעגענען מיט אויסגעשטרעקטע אָרעמס און יעדער סאָציאַליסט דאַרף זיך אַריינוואַרפען מיט דער גאַנצער ענערגיע און איבערגעבענהייט אין דער אַרבייט צווישען דער גרויסער אַמעריקאַנער אַרבייטער־מאַסע. און אַרבייט, לעבעדיגע, רוישיגע, וועט זיך געפינען גענוג יעדען טאָג אין יאָהר.

צום באַדויערען טרעט אַרויס אַ גרויסער טייל פון די סאָציאַליסטען געגען דער אָרגאַניזירונג פון „אינדעפּענדענט לייבאָר פּאַרטי“, און גראַדע — וואָס פאַר איראָניע — די פרומע סאָציאַליסטען, די זאָגענאַנטע אָרטאָדאָקסען.

אויף וואָס גרינדען זיי זייערע „אָבדזשעקשאָנס“? אויב זיי האָבען ווירקליך ערנסטע אַרגומענטען, דאַן, פאַרפאַלען, וועלען מיר מוזען מיט זיי איינשטימען.

לאָמיר זעהן:

דאָס ערשטע, אויף וואָס זיי ציהען די אויפמערקזאַמקייט, איז דאָס, וואָס מיר האָבען שוין געהאַט איניגע ערפאַהרונגען מיט אַ „לייבאָר פּאַרטיי“, וואָס האָט זיך אויסגעלאָזען זעהר טרויעריג. אַזוי דערמאָנען זיי די לייבאָר פּאַרטיי, וואָס האָט זיך געגרינדעט אין קאַליפאָרניא און וועלכע האָט עלעקטעט דעם מעיאָר שמיטץ פון סאַן פראַנציסקאָ, און איהר גרינדער אייבי רוף, וועלכער איז אָפּגעזעסען אַ היבשע ביסעל יאָהרען אין

פיזאָן פאַר בורדעל. אלא, ווער ווייס, טענה'ן זיי, טאָמער וועט די „לייבאָר פּאַרטיי" האָבען אויך אַן עהנליכען סוף און די סאָציאַליסטען וועלען חרטה האָבען, וואָס זיי זיינען צוגעשטאַנען צו איהר, פונקט ווי דאַן.

אָבער, גאָט איז מיט אייך, טייערע גענאָסען. וואָס וואָלט איהר געזאָגט אויף אַן ארבייטער, וועלכער ענטזאָגט זיך אריינצוטרעטען אין אירגענד וועלכער יוניאָן, דערפאַר וואָס ער ווייסט פון אַ פאַל, וואו די פיהרער פון אַ יוניאָן האָבען פאַרקויפט אַ סטרייק, האָבען פאַררעטעריש געהאַנדעלט געגען די אַרבייטער? און דערצו, גאָט מיינער, וויפיעל וואַסערען זיינען פאַרפלאָסען פון יענער צייט אָן, וויפיעל וועלט־איבערקעהרענישען זיינען פאָרגעקומען זייט דאַן, וואָס פאַר אַ נייעם פּנים האָט געקראָגען פאַר דער צייט דער אַרבייטער־קלאַס — און די פרומע אַמעריקאַנער סאָציאַליסטען האַלטען נאָך אַלץ אין זייער זכרון די קאַליפאָרניא „לייבאָר פּאַרטיי", און זיי שרעקען זיך, טאָמער זיי זאָלען חלילה נאָך אַמאָל ניט פאַרשוועכען זייער סאָציאַליסטישע הייליגקייט. און מען דאַרף זיין אין אַלגעמיין בלינד צו פאַרגלייכען אַ קאַליפאָרניער „לייבאָר פּאַרטיי" מיט אַ באַוועגונג וואָס האָט אַרומגעכאַפּט די גאַנצע אַמעריקאַנער אָרגאַניזירטע אַרבייטערשאַפט.

די געגנער פון אַ „לייבאָר פּאַרטיי" באַנוגענען זיך ניט מיט זייערע היסטאָרישע אַרגומענטען. זיי שטעלען אַרויס אויך „טעאָרעטישע". זיי זיינען אָבער פונקט אַזוי לעכערליך.

די „לייבאָר פּאַרטיי", טענה'ן זיי, וועט ניט אַריינעהמען סאָציאַליזם אין איהר פּראָגראַם, זי וועט אַרויסשטעלען רעפאָרמען, אפשר ראַדיקאַלערע, ווי די בורזשואַזע פּאַרטייען, אָבער דאָך רעפאָרמען. וועלען מיר אַנערקענען די פּאַרטיי, וועלען מיר העלפען איהר ענטוויקלען זיך, דאַן הערען מיר אויף צו זיין אַ סאָציאַליסטישע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי, מיר ווערען אויך אַ פּאַרטיי פון רעפאָרמערס. אָט, זאָלען זיי, די מיליאָנען אַמעריקאַנער אַרבייטער, קומען צו אונז סאָציאַליסטען — דאַן, מיט'ן גרעסטען פאַרגעניגען.

אָט אַזוי טענה'ן די פרומע סאָציאַליסטען, די אָרטאָדאָקסען, ד. ה. די, וועלכע גלויבען באמונה שלמה, אַז יעדער וואָרט, וואָס איז אַרויסגעזאָגט געוואָרען פון מאַרקס'ן, איז תורת משה.

איז דאָס ניט קיין איראָניע?

זיי שטיצען זיך אויף מאַרקס'ן, וועלכער האָט פּראָקלאַמירט אַלס דעם גרונדשטיין פון'ם וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם, אַז די „באַפרייאונג פון די אַרבייטער דאַרף קומען פון די אַרבייטער זעלבסט". זעהען דען ניט די „אָרטאָדאָקסען", אַז דערמיט, וואָס זיי האַלטען זיך באַהאַלטען אין חדרי חדרים, אום אָפּצוהיטען זייער סאָציאַליסטישע אומשולד — זיינען זיי אַלץ וואָס איהר ווילט, אָבער ניט קיין מאַרקסיסטען, אַז זייער מורא פאַר דעם אַרבייטער־קלאַס, אַז ער זאָל ניט פאַרבורזשואַזט ווערען, שטעהט אין געגענזאַץ צו דער גאַנצער פילאָזאָפיע פון מאַרקסיזם? איז דען נויטיג צו דערמאָנען, אַז לויט מאַרקס'ן מוז די עקאָנאָמישע און געזעלשאַפטליכע לאַגע פון'ם אַרבייטער־קלאַס ניט היינט, מאָרגען אַרויסרופען אין איהם סאָציאַליסטישע שטרעבונגען און אידעאַלען? אַז די אינטעליגענץ אָדער די אינטעליגענטען קענען אַליין גאָר ניט אויפטאָן?

נאַטירליך מיר קענען ניט ערוואַרטען, אַז דער אַמעריקאַנער אַרבייטער־קלאַס וועט גלייך ביי זיין ערשטער אַרויסטרעטונג דורכגעדרונגען ווערען מיט ריינע סאָציאַליסטישע אידעאַלען, מיר קענען אָבער און מיר מוזען זיין זיכער, אַז ער וועט, ער מוז קומען צום סאָציאַליזם. אויב מיר זיינען ניט זיכער — דאַן זיינען מיר ניט קיין סאָציאַליסטען.

די געגנער ווייזען אויך אָן, אַז איצט איז ניט די צייט, אַז די סאָציאַליסטען זאָלען מיט געדולד וואַרטען ביז וואַנען אַן אַרבייטער־פּאַרטיי וועט ווערען סאָציאַליסטיש געזאָנען. די סאָציאַליסטען דאַרפען איצטער אויפטאָן גרעסערע זאַכען.

געוויס. מיר קענען מיט דעם איינשטימען. אָבער וואָס פאַר אַ גרויסעס טוען מיר, אַמעריקאַנער סאָציאַליסטען, און וואָס קענען מיר אויפטאָן? ווי די זאַך שטעהט ביי אונז איצט קענען אַוועקגעהן יאָהרען, און מיר וועלען נאָך אַלץ בלייבען ביי אונזערע קלייזלאַך. פאַרקעהרט, מיט אַן „אַרבייטער־פּאַרטיי" קענען מיר ווירקליך אויפטאָן וויכטיגעס.

צום שלוס וויל איך אויך ציהען די אויפמערקזאַמקייט פון אונזערע סאָציאַליסטען אויף זייער עהנליכקייט צו די גאָמפּערסיסטען, טראָץ דעם וואָס זיי אונטערשיידען זיך אַזוי ראַדיקאַל. די גאָמפּערסיסטען און די „אָרטאָדאָקסען" האָבען קיין צוטרויען ניט צום אַרבייטער־קלאַס, און ביידע האָבען זיי מורא פאַר איהם. די ערשטע זיינען אין איין שרעק, אַז ער קען פאַרקריכען, אָהן זייער פיהרערשאַפט, אין באָלשעוויזם, די אַנדערע — אַז ער קען אַריינפאַלען אין רעפאָרמיזם.

מיר וועלען אָבער ווידערהאָלען מיט אונזער אַלטען פריינד מאַרקס'ן:

„די באַפרייאונג פון די אַרבייטער איז די זאַכע דער אַרבייטער זעלבסט".

---

רעדאַקציאָנס־באַמערקונג:

מיר זיינען נישט איינשטימיג מיט פיעלע מיינונגען, וואָס אונזער גענ. ש. ראַבינאָוויטש זוכט צו באַגרינדען אין זיין אַרטיקעל. אויגענטליך בלייבט אַלין נישט קלאָר פון דעם אַרטיקעל וואָס די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי זאָל יעצט טון: אויפלעזען זיך און אויפהערען צו עקזיסטירען, אָדער נאָר פאַראייניגען זיך מיט דער „לייבאָר פּאַרטיי" אין עלעקשאָן־צייט אויף געוויסע קאַנדידאַטען. דער לעזער וועט געפינען אונזער מיינונג וועגען דער פראַגע אין די עדיטאָריעלע נאָטיצען.

---

# דער פוקס און דער לייב

פון נחום י. (נאָך קרילאָוו)

אַ פוקס וואָס האָט צום ערשטען מאָל דעם לייב אין וועג
געטראָפען,
איז פון גרויס שרעק
אַ לעבעדיגער קוים אַנטלאָפען.
דעם צווייטען מאָל, ווען ער האָט איהם דערזעהען —
איז דרייסטער שוין דער פוקס געוועזען.
דעם דריטען מאָל, איז ער אַזוי געוואָרען פרעך, —
אַז ער האָט מיט דעם לייב פאַרפיהרט שוין אַ געשפּרעך.

---

מיר שרעקען זיך און וועהרען אָפטמאָל אָן דעם מוט
פאַר יענעם, וואָס מיר קענען נאָך ניט גוט...

# דער אָקס און די פליעג

פון נחום י. (נאָך קרילאָוו)

(לויט אַן אַלטען פאַבעל)

עס האָט ביים אָקס אַ פליעג געזעצט זיך אויפ'ן האָרן:
— „אויב דיר, מיין ליעבער העררע,
איז שווער
געוואָרען, —
פליה איך מיר באַלד אוועק
אין זעלבען וועג
צוריק!..."
— „איך פיהל דיך ניט, — וואו ביזט דו פליעג?..."
האָט דאַ ביי איהר דער אָקס געטאָן אַ פרעג
אַ מאַכטוענדיג גוטמוטיג מיט'ן עק.

# אַן אַרבייטער רינג צאָהן-קליניק

פון דר. ל. הערמאַן

דער אַרבייטער רינג איז פאַראינטערעסירט אין דעם געזונדס־צושטאַנד פון זיינע מיטגליעדער אי אַלס אַן אינשורענס אָרדען אי אַלס אַן אַרבייטער אָרגאַניזאַציע, וואָס שטרעבט צו העלפען פאַרבעסערען דעם וואוילזיין פון די אידישע אַרבייטער־מאַסען בכלל. פון צאָהן־וועהטאָג, זאָגט דער עולם, שטאַרבט מען ניט, אָבער צאָהן־וועהטאָג איז זעלטען אַ חולאת פאַר זיך אַליין; עס קומט כמעט שטענדיג אַלס אַ רעזולטאַט און אין צוזאַמענהאַנג מיט פיעלע אַנדערע אונאָרדנונגען אין דעם מענשליכען קערפּער, וועלכע זיינען אָפט טאַקע געפעהרליך. חוץ דעם האָט אַ פאַרדאָרבענער מויל זעהר אַ שטאַרקע ווירקונג אויף די וויכטיגע פונקציעס פון דעם לעבעדיגען אָרגאַניזם, אויף דאָס פאַרדייהען פון די שפּייז און אויף דער רעגולער אַרבייט פון דעם האַרץ, און דערפאַר איז זעהר וויכטיג פאַר יעדען מענשען ער זאָל שטענדיג אַכטונג געבען, אַז זיין מויל און די צייהנער זאָלען זיין אין אַ גוטען צושטאַנד. דורך אָפטע אונטערזוכונגען פון דעם געזונדס־צושטאַנד פון די דאָזיגע מענשליכע אָרגאַנען באַוואָרענט מען דעם אַלגעמיינעם גוטען צושטאַנד פון דעם קערפּער און מען היט זיך אויס פון קראַנקהייטען, וועלכע ענטוויקלען זיך פּאַמעלאַך, אָבער וועלכע עס איז שווער אויסצוהיילען ווען זיי זיינען שוין פאַרפעסטיגט אין דעם אָרגאַניזם.

די מעטראָפּאָליטאַן אינשורענס קאָמפּאַני, וועלכע האָט אַ דעפּאַרטמענט פאַר אונטערזוכונגען וועגען מויל־קראַנקהייטען, האָט אויסגעאַרבייט אַן אינטערעסאַנטע טאַבעלע וועגען דער ווירקונג פון געוויסע מויל־קראַנקהייטען אויף דעם אַלגעמיינעם געזונדס־צושטאַנד פון מענשען, באַגרינדעט אויף אַן אונטערזוכונג וואָס איז געמאַכט געוואָרען אויף עטליכע טויזענד חולאים. לויט דער דאָזיגער טאַבעלע איז די צאָהל פאַרקיהלונגען צווישען מענשען מיט פאַרדאָרבענע מיילער מיט 16 פּראָצענט העכער ווי ביי מענשען מיט געזונטע מיילער. דער פּראָצענט ליידענדע פון קאָפּ־שמערצען איז ביי מענשען מיט פאַרדאָרבענע מיילער מיט 52 פּראָצענט העכער; פון הויט־קראַנקהייטען מיט 55 פּראָצענט העכער און פון אַלגעמיינע נערווען־קראַנקהייטען בכלל מיט 117 פּראָצענט העכער. ווען מען פאַרלאָזט אַ פאַרדאָרבענעם מויל אַזוי ווייט, אַז עס פאַנגען זיך אָן אַ פּראָצעס פון פוילען און עס ווערען געשווירען, ווירקט עס נאָך אין אַ פיעל גרעסערער מאָס און דער פּראָצענט פון די דערמאָנטע קראַנקהייטען אין אַזעלכע חולאים ווערט פיעל גרעסער.

אין מיין פּערזענליכער פּראַקטיקע אַלס צאָהן־דאָקטאָר, וועלכע האַלט שוין אָן פופצעהן יאָהר, האָב איך פיעל מאָל באַמערקט די נאָהענטע שייכות פון אַ פאַרדאָרבענעם מויל און פאַרדאָרבענע צייהן מיט געוויסע אָרגאַנישע קראַנקהייטען. מיט דער הילף פון אַ כעמישען אַנאַליז און די רענטגען שטראַהלען (עקס־רעי) איז מיר געלונגען פיעל מאָל צו באַשטעטיגען עס.

די וואָס ליידען פון צאָהן־וועהטאָג ליידען פון דעם עקאָנאָמיש, ניט נור דערפאַר וואָס עס קאָסט זיי געלד צו היילען זיך. עס שטערט זיי אין זייער אַרבייט דורך דעם, וואָס זייער אַלגעמיינער געזונדס־צושטאַנד ליידט פון דעם אַ סך. דער אַרבייטער רינג מוז דאָס נעמען אין אַנבאַטראַכט. דורך דעם וואָס דער אָרימער חולה פאַרלאָזט זיינע צייהן ווי עס איז מיט אַ פלאָמבע (פילינג), אָדער מיט אַ גאָלדענער קרוין, ווערט זיין געזונדס־צושטאַנד בשום אופן ניט פאַרבעסערט. אין יעדען איינציגען פאַל פון צאָהן־וועהטאָג מוז מען מאַכען אַ גרינדליכע אונטערזוכונג וועגען דעם אַלגעמיינעם צושטאַנד פון דעם חולה און מען מוז דערביי ברויכען וויסענשאַפטליכע, ניט בלויז מעכאַנישע מעטאָדען. מיר לעבען יעצט אין אַ קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט און די אַרבייטער האָבען ניט די מעגליכקייט פאַר אַזאַ גרינדליכער קורירונג פון זייערע חולאת'ן. נור די אָרגאַניזאַציע פון אַרבייטער רינג קען זיי מיט דעם באַזאָרגען, און איך דענק אַז עס איז די פליכט פון די פיהרער פון דעם אָרדען צו עטאַבלירען אַ קליניק פאַר מויל־קראַנקהייטען.

אַזאַ קליניק דאַרף זיך געפינען אין אַן אָרט וואו די מיטגליעדערשאַפט פון דעם אַרבייטער רינג איז אַממעהרסטענס קאָנצענטרירט. זי דאַרף זיין באַזאָרגט מיט די בעסטע וויסענשאַפטליכע אינסטרומענטען, אַז די פּאַציענטען זאָלען פון איהר באַקומען פולע מעגליכע נוצען. די אויפזיכט איבער דער קליניק זאָל זיין אין די הענט פון אַ באָארד, צוזאַמענגעשטעלט פון מעדיצינישע דאָקטוירים און דענטיסטען. די אויסגאַבען פון דער קליניק קענען געדעקט ווערען פון אַ קליינעם געצאָהלטעס פון די פּאַציענטען, וועלכע זאָל ווערען באַשטימט פון דער באָארד.

אויסער די דירעקטע אַרבייט פון קורירען די פּאַציענטען דאַרף די באָארד זיך אָפּגעבען מיט אויפקלעהרונגס־אַרבייט, אַראַנזשירענדיג לעקציעס וועגען היגיענע צו לערנען די מיטגליעדער פון דעם אַרבייטער רינג און די אידישע אַרבייטער בכלל ווי צו פאַרהיטען זיך פון קראַנקהייטען בכלל און פון צאָהן־קראַנקהייטען בפרט.

דער אַרבייטער רינג וואָלט פון אַזאַ אַנשטאַלט האָבען דעם צווייפאַכען נוצען פון פאַרהיטען זיינע מיטגליעדער פון קראַנקהייטען און פאַרשפּאָרען פיעלע אויסגאַבען אין קראַנקען־בענעפיטען און אויך דער פאַרשפּרייטונג פון אויפקלעהרונג צווישען די אידישע מאַסען וועגען פראַגען פון געזונד, וואָס וואָלט זיי געבראַכט עקאָנאָמיש פיעלע נוצען.

---

איין נייער מעמבער ביז'ן קאָנווענשאַן! פריינד, איהר מוזט עס, איהר קענט עס באַווייזען!

* * *

איך, איהר און מיר אַלע צוזאַמען קענען היינט, מאָרגען און איבערמאָרגען נאָך זעהר פיעל אויסטון פאַר די מלחמה קרבנות. זאָל יעדער פון אונז טון זיין טייל.

* * *

אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט וועט איהר אַנשטאַט אַ ניין אָדער צעהן־שעה'דיגען אַרבייטסטאָג האָבען אַ זעכצעהן שעה'־דיגען... לעבענסטאָג.

מיט אייער הילף און אָנשטרענגונג קען עס ווערען פינף און זיבעציג טויזענד.

* * *

אויב עס איז אייך צו שווער צו געבען נאָך אַמאָל פאַר די מלחמה־קרבנות, דערמאָנט זיך, אַז דעבס איז גרייט צו געבען פאַר זיינע איבערצייגונגען צעהן יאָהר פריזאָן. פאַר אַ מענשען פון 63 יאָהר איז עס אויך נישט אַזוי גרינג...

* * *

מאַכט אייער ברידער פון שאַפּ אויך פאַר אַ מעמבער פון אייער ברענטש!

---

**עס איז נישט אַזוי דער סעט פון זיבען ביכער, ווי דער כבוד פון אַ מתנה פון דער עקזעקוטיווע.**

# ארבייטער-מוזיק

(וועגען י. שייפער'ס ליעדער)

פון ק. בערקאָוויס

עס איז זעלטען ווען עס קומט אוים צו שרייבען וועגען דער ארבייט פון א אידישען קינסטלער און מען זאָל זיך געפינען גענצליך פריי ארויסצוזאָגען דאָס, וואָס מען וויל.

עס זיינען געוועהנליך דאָ שטערונגען. אָדער איהר זיינט א פערזענליכער פריינד פון קינסטלער און איהר קענט נישט זאָגען וואָס איהר ווילט, אָדער איהר זיינט זיין „פיינד", אָדער עס זיינען דאָ פריינד, וואָס דערגעהען אייך די יאָהרען און ווילען איהר זאָלט שרייבען וועגען קינסטלער, אז ער איז דער גרעסטער, דער בעסטער, דער „נאָך נישט דאָ געוועזענער" און ד. ג.

דאָס ערגסטע פון אלע איז, וואָס איהר באגעגענט זיך מיט'ן קינסטלער אין איינע פון אונזערע קאפע־הייזער און איהר קענט איהם נישט קוקען גלייך אין פנים, אויב איהר שרייבט עפעס שלעכטס, און איהר קענט איהם נישט קוקען אין פנים, אויב איהר שרייבט עפעס גוטס... ער וועט אייך אָנקוקען מיט מאָרנע אויגען אין ביידע פעלע... און מען איז דאָך נישט מעהר ווי א מענש.

איך בין דערפאַר זעהר צופריעדען, וואָס איך קען נישט פערזענליך הערר י. שייפער, און נאָך מעהר צופריעדען פון דעם, וואָס קיינער האָט מיר וועגען איהם גאָרנישט דערצעהלט.

און איצט, ווען איך בין פאַרטיג מיט דיעזער קורצער און לאַנגער איינלייטונג, וועל איך קענען אָטעמען אביסעל פרייער. איך האָב פאַר זיך די פינף ליעדער, וואָס די עדיוקיישאָנאל קאָמיטע פון א. ר. האָט ארויסגעגעבען. צוויי פון זיי זיינען אלטע באקאַנטע רעוואָלוציאָנערע ליעדער: „און דו אקערסט און דו זייעסט" און „די שבועה". י. שייפער האָט זיי אראַנזשירט פאַר א קוואַרטעט פון געמישטע שטימען און האָט זיך אין ביידע געהאַלטען זעהר געטריי צו דעם אָריגינאל און צו אַזעלכע האַרמאָניען, וואָס זיינען ענטשטאַנען פון דער מעלאָדיע גופא.

אין דער אמת'ען עקזיסטירט אייגענטליך נישט קיין מעלאָדיע אין ריינעם מוזיקאַלישען זין, פונקט אזוי ווי עס עקזיסטירט נישט קיין ליניע אין מאַלעריי. עס עקזיסטירען בלויז ליכט און שאָטען. שטאַרקערע און שוואַכערע ליכט און טיעפע און טיעפערע שאָטענס, פון לייכטען גרוי ביז טיעפען שוואַרץ. א מעלאָדיע, פונקט אזוי ווי א ליניע, מוז האָבען הינטערגרונד פון וועלכען זי זאָל ארויסקומען. און אויב דער הינטערגרונד טויג נישט, איז נישט אין האַרמאָניע מיט'ן גאַנצען, דאַן איז דאָס בילד א ליגען, איז עס נישט קיין קונסט...

איך מוז געבען א ביישפיעל. מעקט אוים דעם הינטערגרונד פון א בילד און מאַכט אַן אַנדערען און איהר וועט בעסער פערשטעהן. ביידע מעלאָדיען זיינען נישט קיין אָריגינעלע רעוואָלוציאָנערע און אָטעמען נישט מיט קיין רעוואָלוציאָן. זיי זיינען רוסישע מאָטיווען, אָדער פּאַרדוסישטע מאָטיווען, און עס פעהלט זיי ברייטקייט און שטורם... ווי צ. ב. ש. אין דער מאַרסעליעזע, אָדער די אינטערנאַציאָנאַלע. אָבער עס זיינען צוויי פון די בעסטע מעלאָדיען, וואָס מיר פאַרמאָגען, און שייפער איז געווען גערעכט זיי צו באהאַנדלען אזוי ווי ער האָט עס געטון.

ער האָט העכסט וואַרשיינליך אויך געהאַט אין זינען כאָרען פון א. ר. און זיי געמאַכט לייכט און געברויכבאר און נישט געזוכט צו ווייזען ווי אזוי ער קען האַרמאָניזירען „פּאַמוזיקאַלסטווא".

וועגען די דריי אָריגינעלע ליעדער איז אזוי:

„ארבייטער ערוואַכט" (ווערטער פון יואל סלאָנים) איז א ליעד, וואָס באַוועגט זיך נישט האַרמאָניש. די אינערע שטימען געהען נאָך דער מעלאָדיע, ווי א קוה א קעלבעל. הערר שייפער האָט אזוי מורא געהאַט צו קאָמפּליצירען, דאָס ער האָט עס געמאַכט צו איינפאַך. פון מוזיקאַלישען שטאַנדפּונקט האָט שייפער זיין שעהנע מעלאָדיע נישט געדאַרפט פאַרפּושען. ער האָט מורא געהאַט זיך צו ריהרען פון פּלאַץ. די מעלאָדיע אליין איז זעהר שעהן. איך האָב נאָר אויסצוזעצען געגען די לעצטע פּאָר טאַקטען, וואו די שטימען געהען אַרונטער אנשטאַט זיי זאָלען געהן אַרויף מיט די ווערטער „ערוואַכט", „ערוואַכט". ערוואַכען איז א העכערונגס־פּראָצעס, מיין ליעבער מוזיקער, און זאָלט איהר זיך נעהמען א ביישפּיעל פון שובערט'ס „די לערכע", וואו „ערוואַך" איז דער לעצטער טאַקט פון דעם ליעד.

„מיר זיינען פרייהייטס־סאָלדאַטען" (ווערטער פון מ. ראָזענפעלד) בעוועגט זיך שוין פיעל בעסער, טראָצדעם וואָס דאָס סטאַטישע איז נאָך אלץ דאָ. הערר שייפער'ס גרויסע בעגאַבונג אלס מוזיקער דערקענט זיך אין דיעזען ליעד בעסער ווי אין וועלכען אַנדערען. די מעלאָדיע און די אינערע שטימען האָבען שוואונג און זיינען טראָצדעם וואונדערבאַר איינפאַך. זיי פּאַסען צו די ווערטער וואונדערבאַר. אמת, אז זיי זיינען פון די ווערטען געבוירען... עס איז אָבער צו באַדויערען, וואָס עס איז געשריבען אין א שליסעל, פון וועלכען מוזיקער אַנטלויפען איצט.

וועגען „א, פרייהייט" (ווערטער פון ש. פרוג) האָב איך גאָרנישט וואָס אויסצוזעצען. עס איז זעהר א שעהן ליעד און באַווייזט, אז שייפער האָט פאַר זיך א מוזיקאַלישע וועלט. עס איז דאָס שעהנסטע ליעד פון אלע פינף... און דאָך... עס באַוועגט זיך מעהר ווי די אַנדערע, עס האָט מעהר לעבען ווי אלע אַנדערע... האָט מעהר, אָבער נישט גענוג. די אורזאַך איז וואַרשיינליך צו געפינען, אז ער האָט געוואוסט אז ער שרייבט עס פאַר ארבייטער־כאָרען.

אין אלגעמיין איז י. שייפער איינער פון די בעגאַבטעסטע יונגע מוזיקער, וואָס מיר פאַרמאָגען. ער גיט צייכענס פון געניאַליטעט, וועלכע וועלען זיך מיט דער צייט ענטוויקלען און פאַרטיעפען. און עס קומט א דאַנקט דער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע פון א. ר. פאַר ארויסגעבען דערווייַלע דיעזע פינף ליעדער.

עס איז א טרויעריגער פאַקט, דאָס מיר האָבען נישט קיין ארבייטער־ליעדער מוזיק ליטעראַטור. צוליעב דעם וואָס ארבייטער־ליעדער זיינען נישט נאָטירט שטאַרבען א סך פון זיי אַוועק און אַנדערע ענדערען זיך אזוי מיט דער צייט, דאָס זיי זיינען נישט צו דערקענען א פּאָר יאָהר נאָך זייער קאָמפּאָזיציע.

ארבייטער־ליעדער וואָלטען געדאַרפט אביסעל בעסער באַהאַנדעלט ווערען. אין פראַנקרייך און ענגלאַנד זיינען זיי א טייל פון דער רעוואָלוציאָנערער ליטעראַטור פון אלע ארבייטער־פּאַרטייען. זיי זיינען צו געפינען אין יעדען הויז און די קינדער פון יעדען ארבייטער קענען און זינגען זיי. א גרויסער טייל פון דער דאָרטיגער פּראָפּאַגאַנדא ווערט געטאָן דורך ליעדער. אין א גרויסען טייל איז דאָס אויך דער פאַל אין ענגלאַנד און אין דייטשלאַנד. אין שפּאַניען און איטאַליען שפּיעלען זיי נאָך א גרעסערע ראָלע ווי אין די אויבען־דערמאָנטע לענדער.

עס וואָלט דערפאַר געווען א זעהר וויכטיגע אויפגאַבע אויפצוקלייבען און נאָטירען אלע אידישע און אלץ אידישע איבערזעצטע ארבייטער־ליעדער און זיי ארויסגעבען אין דערזעלבער פאָרמע ווי י. שייפער'ס ליעדער זיינען ארויסגעגעבען.

זיי וואָלטען זיכער געטון גוטע ארבייט. זיי וואָלטען אפשר געהאָלפען דערמאָנען די קינדער פון ארבייטער אין די שפּעטערע יאָהרען, ווען זיי וועלען זיין לאָיערס און רענטיסטען, אז זייער פאָטער איז געווען אַן ארבייטער... וואָלט אפשר געביטען זייער שטרעבונג... און דאָס וואָלט נאָר געווען א גוטע ארבייט.

# דער פראגרעס פון וויסענשאפט און טעכניק

## וואס איז ערדייכט געווארען אין יאהר 1918

פון לאזאר סאמאילאוו

### פארוואס איז דער הימעל בלוי

מיט א יאהר צוריק, אין דעצעמבער 1917, האט פראפעסאר פארבי אין זיינעם א לעקטשור, וועלכען ער האט פארגעלעזען אין דעם אוניווערזיטעט פון מארסעל, אנאליזירט די פראגע וועגען דעם, פארוואס דער הימעל זעהט אויס בלוי; און אנשפארענדיג זיך אויף די פארשונגען און באבאכטונגען, וואס זיינען פאר דער לעצטער צייט געמאכט געווארען, און די מיינונגען, וואס זיינען איבער אט דער פראגע אויסגעדריקט געווארען, האט ער אויסגעארבייט און פארגעשלאגען א גאנצע בילד, וואס זאל אונז גיבען א מעהר קלארען באגריף וועגען אט דער ערשיינונג.

פרעגט יעדען איינעם, ווער עס האט נאר אמאל באזוכט אן אפאנגס־שולע, פאר וואס דער הימעל איז בלוי, וועט ער אייך גיבען דעם באוואוסטען ענטפער, אז דאס איז דערפאר, ווייל די ליכט־שטראהלען, וואס פארשפרייטען זיך פון דער זון, געהען דורך דורך דער אטמאספערע, וואס רינגעלט ארום אונזער ערד. און כאטש אזא ענטפער איז צו אלגעמיין און נאך אלעמען ערקלערט ער זעהר ווינציג, דאך וואלטען מיר זיך דא ניט אפגעשטעלט צו באטראכטען די פראגע גענויער, ווען מיט דעם וואלטען ניט געווען פארבונדען אנדערע, זעהר אינטערעסאנטע זאכען.

עס זיינען דא אין דער וויסענשאפט אזעלכע טיעפזיניגע און געוואגטע טעאריען, וואס האבען געהאט זעהר ווייניג האפנונג ווען עס איז צו הערוייזען ווערען. אבער די ענטוויקלונג פון דער וויסענשאפט און די וויסענשאפטליכע אינסטרומענטען און די אונערמידליכע טעטיגקייט און די פארשונגען פון די געלערנטע האבען מיט דער צייט געגעבען א מעגליכקייט צו דערווייזען די ריכטיגקייט פון אזעלכע טעאריען. מאנכעס מאל איז א טעאריע געווארען באשטעטיגט דירעקט, און מאנכעס מאל ניט דירעקט, נאר דורך זייטיגע וועגען און מיטלען; אבער דער צווייפעל און די זיכערהייט, וואס די טעאריען האבען ארויסגערופען, האבען ביסלאכווייז אנגעפאנגען פארשווינדען.

איינע פון אזעלכע טעאריעס איז געווען די אזוי־גערופענע „מאלקולאר טעאריע", אדער די טעאריע וועגען די מאלעקולען. מען לערנט אונז, אז אלע זאכען, וואס עס עקזיסטירען אויף דער וועלט, באשטעהען פון זעהר קליינע טיילכעלאך, וועלכע מען רופט מאלעקולען. ווי געדיכט אדער הארט א זאך זאל ניט זיין, זיינען דאך די מאלעקולען ניט פעסט באהעפטעט איינער צום צווייטען, נאר צווישען זיי געפינט זיך א סך לײדיגער ארט; און ווי טויט און אונבאוועגליך א זאך זאל ניט אויסזעהען צו זיין; געפינען זיך אבער זיינע מאלעקולען אין א צושטאנד פון שטענדיגער און אייביגער באוועגונג. צו דערווייזען אט די טעאריע אויף א דירעקטען אופן איז ניט מעגליך געווען דערפאר, ווייל עס איז ניט מעגליך צו באשאפען אזא מיקראסקאפ, דורך וועלכען מען זאל אט די זעהר קליינע מאלעקולען קענען זעהען. אבער אז די טעאריע וועגען די מאלעקולען איז א ריכטיגע, ווערט אלץ מעהר און מעהר באשטעטיגט אויף אן אינדירעקטען אופן, דורך זייטיגע וועגען, דורך זייטיגע מיטלען. און איינע פון אט די אינדירעקטע באווייזע קען דיענען די בלויקייט פון הימעל.

זעהען, זאכען קענען מיר נאר ביי צוויי באשטימטע באדינגונגען: אדער אז די זאך זאל זיין אנגעגליהט און זאל פארשפרייטען פון זיך שטראהלען פון ליכט, אדער אז די זאך זאל אפשטויסען פון זיך די שטראהלען פון ליכט, וואס פאלען אויף איהר פון א זייטיגען קוואל. אנדערש קענען מיר קיין זאכען ניט זעהען. יעדען טאג זעהען מיר איבער זיך א בלויען הימעל. און אויב מיר קענען דעם הימעל זעהען און אויב עס קען מאכען אויף אונזערע אויגען דעם איינדרוק פון א באשטימטען קאליר, מיינט עס, אז דער הימעל באשטעהט פון עפעס, וואס קען אפשטויסען פון זיך די שטראהלען פון ליכט, וואס פארשפרייטען זיך פון דער זון. אבער וואס איז דער „עפעס" וואס שטויסט פון זיך אפ די ליכט־שטראהלען? און פארוואס זעהט אויס דער הימעל בלוי, און ניט פון אן אנדער קאליר?

דא מוזען מיר זיך אפקעהרען אביסעל אן א זייט. פיזיקע לערנט אונז, אז פון יעדען קוואל פון ליכט פארשפרייטען זיך ליכט־שטראהלען פון זיבען פארשידענע קאלירען; און ווען די אלע קאלירען מישען זיך צוזאמען, מאכען זיי אויף אונז דעם איינדרוק פון אלגעמיינער ווייסקייט אדער העלקייט. דאס אלעס איז א גוט־באוואוסטער פאקט און ווערט דערוויזען דורך גאנץ איינפאכע עקספערימענטען. אין פיזיקס קומען די פארשידענע ליכט־שטראהלען אין א געוויסען ארדנונג, לויט זייערע קאלירען. פריהער קומט דער רויטער קאליר, נאכהער אראנזש, נאכהער געל, גרין, העל בלוי, טונקעל בלוי און צום סוף קומען דער וויאלעט קאליר. און ווייטער, לערנט אונז פיזיקס, אז ליכט־שטראהלען פארשפרייטען זיך אין דער פארמע פון כוואליעס, און אז די גרויס פון די כוואליעס איז פארשידען ביי פארשידענע קאלירען. די כוואליעס פון די רויטע שטראהלען זיינען די גרעסטע, און וואס ווייטער זיינען די כוואליעס אלץ קלענער און קלענער, ביז עס קומט צו די בלויע און וויאלעט שטראהלען, וועלכע זיינען די קלענסטע.

זעהען דעם הימעל קענען מיר נאר צוליעב דער לופט, צוליעב דער אטמאספערע, וואס רינגעלט ארום די ערד פון אלע זייטען. דאס ווערט דערוויזען דורך לאבאראטארישע עקספערימענטען און דורך דירעקטע בעאבאכטונגען. וואס העכער מען הויבט זיך אויף א בארג, ווערט די לופט אלץ שיטערער און שיטערער, און דער הימעל ווערט אלץ שווארצער און שווארצער, און שווארצער קאליר איז ניט קיין קאליר פון ליכט־שטראהלען, נאר די אבוועזענהייט פון ליכט־שטראהלען. א שווארצע זאך איז אזא, וואס שטויסט ניט אפ קיין ליכט־שטראהלען, נאר זי שלינגט זיי אין זיך אריין. ווען מען וואלט געקענט אויפהויבען זיך אזוי הויך איבער דער ערד, וואו קיין לופט איז גאר ניטא, וואלט מען געזעהען איבער זיך א פאלקאם פינסטערען און שווארצען אפגרונד, אין וועלכען עס בלישטשען שטערען. אבער קיין הימעל וואלט מען ניט געזעהען.

לופט איז א גאנץ באשטימטער מאטעריאל און באזיצט אלע פיזישע און כעמישע אייגענשאפטען פון אלע איבעריגע שטאפען און מאטעריאלען. די לופט איז אבער א גאז, און דאס מיינט, אז דער שטח, וואס טיילט אפ איין מאלעקול פון א צווייטען, איז אין לופט א סך גרעסער, ווי ביי פיעלע אנדערע מאטעריאלען. דער שטח, וואס טיילט אפ איין מאלעקול פון א צווייטען, איז אין דער לופט אזוי גרויס, אז די ליכט־שטראהלען (ד. ה.' זייערע כוואליעס) באגעגענען דא ניט קיין שטערונג אין זייער באוועגונג, און דעריבער קומען צו אונז די ליכט־שטראהלען פון דער זון, פון דער לבנה און פון די איבעריגע הימעלשע קערפערס כמעט אין זייער פולער גאנצקייט, ניט קוקענדיג דערויף, וואס די ערד איז ארומגעוויקעלט מיט א שיכטע לופט פון פיעלע צעהנדליגער מיילען דיק.

אבער וואס איז מיט די מאלעקולען פון דער לופט? דער

שטח, וואָס טיילט אָפּ איין מאָלעקול לופט פון אַ צווייטען, איז אַ גרויסער, אָבער דער מאָלעקול אַליין איז דאָך אַ גאַנצער, האָט ער דאָן ניט קיין ווירקונג אויף די שטראַהלען פון ליכט, וואָס פאַלען אויף איהם?

און אָט דאָ קומען מיר צום פונקט. מיר האָבען פריהער געזאָגט, אַז די שטראַהלען פון ליכט פאַרשפּרייטען זיך אין דער פאָרמע פון כוואַליעס, און אַז די גרויס פון די כוואַליעס איז פאַרשיעדען ביי די שטראַהלען פון פאַרשיעדענע קאָלירען. און די מאָלעקולען פון ליכט זיינען אַזוי קליין, אַז די פאַרהעלטניסמעסיג גרויסע כוואַליעס פון די רויטע שטראַהלען נעהען זיי פאַרביי און שטויסען זיך צוריק ניט אָפּ, ווי אַ כוואַליע פון ים קען זיך ניט אָפּשטויסען צוריק פון אַ סלופּ, וואָס איז איינגעגראָבען ביי דעם ברעג פון ים. די רויטע שטראַהלען געהען פאַרביי די מאָלעקולען און פאַרשווינדען אין דער אונענדליכקייט פון וועלט־רוים. דאָס זעלבע איז מיט די שטראַהלען פון אָראַנדזש, געלען און גרינעם קאָליר. כאָטש די כוואַליעס פון יעדען פון זיי זיינען קלענער פון די כוואַליעס פון די פאָריגע, אָבער דאָך זיינען זיי גענוג גרויס ניט אָפּגעשטויסען צו ווערען פון די נאָך קלענערע מאָלעקולען פון לופט. אָבער דער בלויער קאָליר איז שוין גענוג קליין, אַז ער זאָל זיך קענען אָפּקלאַפּען און אָפּשטויסען זיך פון די מאָלעקולען פון לופט. דאָס מיינט ניט, אַז די מאָלעקולען פון לופט זיינען גרעסער ווי די כוואַליעס פון די בלויע שטראַהלען, אָבער דאָך זיינען שוין די מאָלעקולען גענוג גרויס, אַז זיי זאָלען כאָטש אַ טייל פון די בלויע כוואַליעס צושטויסען און אָפּוואַרפען פון זיך. און די אונענדליכע צאָהל מאָלעקולען פון דער לופט שטויסען פון זיך אָפּ אַ גענוגענדע צאָהל אַזעלכע שטראַהלען צו מאַכען דעם הימעל אויסזעהן בלוי.

אָט די טעאָריע איז העכסט אינטערעסאַנט אי דערמיט, וואָס זי ערקלערט גאַנץ צופריעדענשטעלענד דעם קאָליר און אויסזעהען פון הימעל, אי דערמיט, וואָס אין איהר ווערען געגענזייטיג באַשטעטיגט צוויי אַנדערע טעאָריעס: די מאָלעקולאַרע טעאָריע און די טעאָריע וועגען די וועללענאַרטיגע באַוועגונג פון די שטראַהלען פון ליכט. די גרויס פון די ליכט־שטראַהלען פון די פאַרשיעדענע קאָלירען איז באַוואוסט, און אַזוי ווי די מאָלעקולען פון לופט שטויסען פון זיך אָפּ די בלויע שטראַהלען, גיט עס שוין אויך אָן אָנצוהערעניש וועגען דער גרויס פון די מאָלעקולען פון דער לופט.



# דער פויגעל־כאַפּער

(אַ קינדער־מעשה)

פון י. קרעפּליאַק



זומער־לעב פלעגט שואָל'קע אַ רגע אין שטוב ניט זיצען. האָט ער נאָר געקענט, פלעגט ער זיך שוין ארויסדרעהען פון הויז און זיך פאַרגראָבען אין סאָד, אַז מ'זאָל איהם ניט געפינען.

אין שטוב איז איהם געווען אומעטיג — דער טאַטע פאַרטאָן אין געשעפט. די מאַמע, ווען ער קומט איהר אויף די אויגען, שטראָפט איהם שטענדיג, אַז ער איז אַ גרויסער „ניט וועלער“. „ביי לייטען אַזעלכע אינגלאך לערנען שוין גמרא...“ און דער עיקר מען קען איהם נאָך שיקען אַ גאַנג אויך...

נענג האָט ער פיינט. ער ליידט ניט, אַז מען זאָל זיך מיט איהם שאַפען. אין סאָד איז ער פריי, טוט וואָס ער וויל, ליגט אָפּ שעה'ן אין קיהלען גראָז, וואָס האָט זיך אַזוי געדיכט צעוואַקסען צווישען די בוימער, ביים הויכען פּאַרקאַן, זאָך צו־נויפגעמישט מיט „פויגעל־קאַשע“, מיט די בעכערלאך „משוגענעם מאָן“ און זיך פאַרפּלאָנטערט מיט „בערשטלאך“ פון תשעה־באב.

איז ער אַליין, טרעפט ער ניט אסתר'קען, דער שכנ'ישער מיידעלע, וועלכע שפּיעלט זיך אויך שטענדיג ביי זיי אין סאָד, פאַרבאַהאַלט ער זיך אין גאַנצען מיט גראָז און קוקט דורך די גראָזען אויף די געפינטעלטע, קאָלירטע „משה רבנו'ס קיהעלאך“, ווי זיי קריכען איבער די שטרויעלאך, ארויף־ארויף, קומען צום שפּיץ, בלייבען שטעהן, ווי דאָ וואָלט געווען דער ברעג פון דער וועלט. נעמט ער אַ שטרויעלע און שטורכעט זיי אַזוי לאַנג, ביז זיי צועפענען די צוויי פּאָר פליגלען און פליהען איבער, אָדער פאַלען ארונטער כלומר'שט טויט.

דערהערט ער אַ גריל, גנב'עט ער זיך צו, קוקט איהם אָן אַ ווײַלע אין די גרינע אויגען און כאַפּט איהם פאַר ביידע פיסלאך און שפּיעלט זיך מיט איהם אין קאַץ און מויז, האַלט איהם אין פויסטעל, צועפענט די האַנד ער זאָל קענען אַ שפּרונג טאָן און האַלט גלייך אָנגעגרייט די צווייטע, ער זאָל קענען אַ כאַפּ טאָן.

גיט זיך איין דער גריל צו אַנטלויפען, לויפט ער נאָך יעדען שפּרונג זיינעם, ציהט זיך אויס און הויבט זיך אויף, ווי אויף גרינע כוואַליעס, און פּאַקט ער איהם, רייסט ער איהם אויס אַ פיסעל, ווי אַ זעגעלע: געה, דו קאַליקע, לאָמיר זעהן ווי דו וועסט איצטער קענען „זעגען“.

ווערט ער מיעד, ציהט ער זיך גאָר אויס טשאַטעווען דעם הימעל, צי פויגלען פליהען ניט. ער וואָלט אַלע פויגלען געכאַפּט, און אפילו אין די וואָלקענס זעהט ער טייכען, בערג, פויגלען, משונה'דיגע גרויסע גרילען, וואָס רייסען זיך.

פאַרנאַכט יאָגט ער זיך נאָך שוואַלבען. שוואַלבען איז אַ מצוה די קעפּלאך אָראָפּצודרעהען, זיי האָבען דאָך געטראָגען פייער פאַר'ן בית המקדש. ניט אומזיסט איז נאָך פאַרבליבען אַ רויטער צייכען אונטער'ן העלזעל און אין גאַנצען זיינען זיי שוואַרץ פאַר'שרפה'ט.

אַז אסתר'קע איז פאַראַן אין סאָד שפּיעלט ער זיך מיט איהר, באַהאַלט זיך אויס אין גראָז און שפּרינגט פּלוצלינג ארויס און שרעקט זי איבער. פאַר די אַלע באַשעפעניש און ברואים, וואָס שואָל'קע האַלט אין האַנד, האָט זי מורא, און קומט ער צו איהר צו מיט אַ גריל אָדער אַ ביהן, מאַכט זי גוואַלדען, קוקט מיט צושראָקענע אויגען און באַהאַלט די הענטלאך אויף הינטען.

אָבער שואָל'קען געהט זי נאָך ווי אַ קעלבעל, און קוקט נאָך אַלץ וואָס ער טוט.

אסתר'קע איז איצט געשטאַנען און געקוקט, ווי שואָל'קע לעגט צוזאַמען אין סאָד פינף ציגעל און מאַכט אַ פּאַסטקע פאַר פויגלען.

— כ'וועל דיר כאַפּען פויגלען וויפיעל דו ווילסט נאָר אַליין — האָט ער זיך פאַר איהר באַריהמט, אויף גיך געמאַכט פון פיער ציגעל אַ קעסטעלע, דעם אויבערשטען ציגעל אונטערגעשפּאַרט מיט אַ העלצעל, אונטער'ן העלצעל אַ ברעטעלע און אָנגעשאָטען חלה־ברעקלאך.

— איצט לאָמיר זיך באַהאַלטען — האָט ער אוועקגעשלעפּט אסתר'קען אָן אַ זייט.

אַ מחנה וורובליעס האָט זיך מיט אַ קינדערשער פלאַפּלעריי ארונטערגעלאָזט און זיך צושאָטען ארום פּאַסטקע. אַ

כאַפּטע יונגוואַרג האָט גענומען שפּרינגען אויף די ציגעל און אַרום די ציגעל.

אַן עלטערער ווראָבעל, אַ מיושב'דיגער און אַ פעטער, האָט זיך געהאַלטען פון דער ווייטען, קרום געקוקט אויף די יונגע פאַרלאַך און ווי געוואָרענט: זייט ניט אַזוי פרעהליך, לאָזט אייך ניט פאַרנאַרען...

די פאַרלאַך האָבען אָבער געשפּרונגען און געפּיקט, געשפּרונגען און געפּיקט.

שואל'קע מיט אסתר'קען האָבען געטשאַטעוועט:

— וויפיעל וועסטו כאַפּען? — האָט אסתר'קע געפרעגט.

— אַן „ער" מיט אַ „זי" — האָט שואל'קע געענטפערט.—

— מיר וועסטו געבען?

— וויפיעל דו ווילסט אַליין.

— אויך אַן „ער" מיט אַ „זי"?

— געוויס.

— ט־ס־ס... — האָבען זיך פלוצלינג ביי איהם די אויגלאַך אָנגעצונדען, — איינער געהט שוין...

— אַן „ער" צי אַ „זי" — האָט אסתר'קע געפרעגט.

— אַן „ער".

— פון וואַנען דערקענסטו?

— כ'דערקען, ער האָט אַ דזשוב אויפ'ן קעפּעל — האָט שואל'קע געענטפערט.

— כ'זעה גאָר ניט — האָט אסתר'קע אָפּגעענטפערט.

— מען זעהט איהם ניט, דעם דזשוב... — האָט שואל'קע וואָזשנע געענטפערט.

— קוק, קוק... — האָט ער ניט דערוויזען אַרויסריידען, ווי דער אויבערשטער ציגעל — באַץ! איז מיט אַ קלאַפּ צוגעפאַלען.

אַ רחמנות'דיגער פּישטש, ווי אַ קליין קינד וואָלט פון פלוצלינגען וועהטאָג אַ קוויטש געטאָן, האָט אַ שניט געטאָן די לופט און פאַרשטאָרבען.

די גאַנצע מחנה ווראָבליעס האָט מיט גערויש זיך אַ הויב געטאָן און צופלויגען. שואל'קע האָט זיך אַ וואָרף געטאָן פון זיין באַהעלטעניש, אסתר'קע איז נאָך פאַרבליבען, אַ צושראָקענע פון קלאַפּ.

— צוויי, צוויי מיט אַמאָל! — האָט ער געשריען צו איהר אין פריידיגער אויפרעגונג. — קום אַהער, וועסטו זעהן — אַן „ער" און אַ „זי"!...

ער האָט ווי אַ גענייטער גענומען דעם רעקעל און געוואָלט איבערדרעקען די ציגעל, האָט ער דערזעהן, ווי פון איין זייט שטעקט אַרויס אַ האַלבער פויגעל, צוגעקלעמט פון ציגעל. דער ווראָבעל ריהרט זיך אפילו ניט, נאָר אַן אָפענער אויגעל מיט אַ רויטען, רונדען פּאַסיקעל אַרום, פינטעלט, פינטעלט אַזוי מאָדנע צו איהם, ווי עס וואָלט זיך געמאַטערט ווייגען...

— וואָס איז מיט דער פויגעלע? — איז אסתר'קע צוגעקומען.

— זיך דערהרג'עט — האָט שואל'קע גלייכגילטיג געענטפערט.

— געה, קענסט ניט כאַפּען — האָט אסתר'ע אָנגעשטעלט די ליפּלאַך. — אַ רחמנות די פויגעלע...

— אַ גרויסע ווערדע מיר, כ'קען כאַפּען וויפיעל דו ווילסט... איינע האָסטו דאָך!

ער האָט זיך אויסגעצויגען אויף דער ערד, פאַרקוקט אין אַ שפּאַרע אין די ציגעל אַריין און דערזעהן, ווי אַ ווראָבעל זיצט אַ צונויפגעקאָרטשערטער מיט אויפגעשטעלטע פעדערען פון שרעק.

— ווילסט אַ קוק טאָן ווי ער זיצט דאָרט, דער אורח? — האָט זיך שואל'קע אויפגעשטעלט.

— כ'האָב מורא פאַר דער טויטער... — האָט אסתר'קע געקוקט צושראָקען, — זי קען נאָך קומען צו חלום, ווי די באָבע האָט מיר דערצעהלט.

שואל'קע האָט זיך צולאַכט:

— דו ביזט אַ אידענע! — האָט ער אַ זאָג געטאָן מיט דער זעלבער מינע ווי זיין טאַטע פלעגט דאָס זאָגען צו דער מאַמען: — אַ מענש איז דאָס, וואָס? ס'איז דאָך אַ פויגעל...

---

אין מיטען שלאָף האָט שואל'קע דערפיהלט, אַז אימעצער פּיקט איהם אַזוי לייכט, ווי מיט אַ שנאָבעלע. טוט ער זיך אַ כאַפּ, זעהט ער אין דער פינסטער, ווי אַן אָפען אויגעל מיט אַ רויטען פּאַסיקעל אַרום, פינטעלט צו איהם און פינטעלט, ווי עס וואָלט זיך געמאַטערט ווייגען...

ער האָט זיך גלייך דערמאָנט אָן אסתר'קעס רייד, אַז דאָס איז איהם דער פויגעל געקומען צו חלום און אַ צושראָקענער האָט ער שוין געוואָלט נעמען שרייען: מאַטע... נאָר אַרום דעם אויגעל האָט זיך גענומען לייכטען און ער זעהט שוין אַ גאַנצע פויגעלע, וואָס קוקט אַזוי פריינדליך אויף איהם. און עפּעס דוכט איהם, אַז ער קען גאָר די פויגעלע. „דאָס איז דאָך גאָר אסתר'קע, וואונדערט ער זיך, „אויף מיין וואָרט אסתר'קע, נאָר עפּעס מאָדנע, ווי זי קוקט אויס, אַן אמת'ער ווראָבעל — מיט פעדערלאַך, מיט אַ שעהנינקען ווײדעלע, מיט פאַרפּוצטע פליגעלאַך, אַ מיילכעלע ווי אַ שנאָבעלע..."

געהט איהם אָפּ פון האַרצען, קען ער זיך שוין ניט איינהאַלטען און לאַכט זיך פאַנאַנדער:

— אסתר'קע, וואָס האָסטו זיך עפּעס פאַרשטעלט פאַר אַ פויגעלע?

— וואָס פאַרשטעלט? — סוויטשערט עפּעס אַזוי מאָדנע אסתר'קע און רייבט אָן איהם מיט ליעבשאַפט דעם שנאָבעלע,— דו ביזט דאָך אויך אַ פויגעלע...

— איך?

— יע!

ערשט ער גיט אַ קוק, מיט אַן אמת, ער איז אויך אַ ווראָבעל, אַן אמת'ער „ער". ער וויל אויסשטרעקען אַ האַנד, אַ טאַפּ טאָן צי ער האָט אַ דזשוב אויפ'ן קאָפּ — וואָס פאַר אַ הענטעל, ער האָט גאָר אַ פליגעלע.

— נו, אַ ליגען געזאָגט? — פרעגט זיך אסתר'קע.

— אויף מיין וואָרט אַן אמת — דערקענט שוין ניט שואל'קע זיין קול, נאָר ווי אַ פויגעלע וואָלט געסווישערט.

— קענען מיר פליהען אויך?

— אודאי!

און שואל'קע דערפיהלט זיך אַזוי גרינג און לופטיג, ווי ער וואָלט גאָר קיין בייכעל ניט געהאַט, נאָר אין גאַנצען באַשטעהט ער פון די פליגלען:

— לאָמיר פליהען!

— לאָמיר.

שואל'קע גיט זיך אַ הויב: „אויף מיין וואָרט ער פליהט זיך", וואונדערט ער זיך נאָך אַליין אַ ביסעל.

אסתר'קע פליהט איהם נאָך. זיי צירקלען אַרום די שטוב און שואל'קע האָט אַזאַ געפיהל, אַז ער קען זיך אַראָפּלאָזען אויפ'ן הענג־לאָמפּ, אויפ'ן גזימס פון דער שאַפע ספרים, וואו ער וויל נאָר.

— וואָס ווילען מיר דאָ פליהען? — ווענדט זיך שוין שואל'קע, — מיר קענען נאָך טאַטע־מאַמע אויפוועקען. לאָמיר גאָר אַרויספליהען אין דרויסען.

— לאָמיר.

— דורך וואַנען?

— דורך וואַנען איך בין געקומען, דורכ'ן צובראָכענעם שויב...

— זעהסט ווי עס טאָגט? אין דרויסען פליהט זיך גאָר אַנדעריש, אַ מחיה!

— אודאי אַנדעריש -- שטימט אסתר'קע צו.

— וואוהין זאָלען מיר פליהען, צו אונז אין סאָד, אָדער צו דער מוהמען אויפ'ן פּלאַץ?

— וואו דו ווילסט.

— לאָמיר גאָר פליהען ווייט, ווייט.

— לאָמיר פליהען.

שואל'קע האָט זיך א ה' ב געטאָן אין הימעל, זיך צו־פלויגען אין אַ קאראַד, איבער־עפלויגען די שינדעל־דעכער פון זייער שמערטעל, דעם שפּיץ קלויסטער, און זיך אוועקגעטראָ־גען אין פעלד אריין. שואל'קע קוקט ארונטער, זעהט ווי זייער טייכעל שנירעלט זיך אונטען, ווי געקרייזעלטע קעפּ פון די בוימער שווינדלען.

א מתנה טויבען, ווי אַ קאָליערטער וואָלקענדעל, האָט זיך באוויזען אין הימעל, שואל'קע האָט זיך פארוואָלט פארמעסטען זיך מיט זיי אין געשווינדקייט, איז ער ווי אַ געוואָרפען שטיינ־דעל כמיט אימפּעט דורכגעפלויגען דורך די טויבען און מיט גאוה אַ פרעג געטאָן אסתר'קען:

— ווער איז פלינקער?

אסתר'קע האָט איהם אָבער ניט געענטפערט, נאָר פאַר־צווייפעלט אַ געשריי געטאָן. און באלד האָט שואל'קע דערזעהן ווי אַ יאַסטרעב שרויפּט זיך אין הימעל, ווי עס זאָל אויסקלייבען אויף וועמען זיך אַ לאָז טאָן, צי אויף זיי, צי אויף די טויבען...

— געשווינדער, אסתר'קע! — שרייט ער מיט אַלע כחות, — פליה! ער פליהט אויף אונז...

אסתר'קע ענטפערט ניט, נאָר זיי טראָגען זיך ארויף־אראָפּ, אראָפּ־ארויף, פאַרנעמען זיך רעכטס און וואַרפען זיך לינקס און דער יאַסטרעב אַלץ נאָך זיי און נאָך זיי.

שואל'קע קוקט, ווי ווייט דער אויג כאַפּט, אַלץ אַ פרייער הימעל און אַ פלאַכע ערד, נאָר אויפ'ן האָריזאָנט טונקעלט עפּעס...

— פליה, פליה! — שרייט ער אַלץ צו אסתר'קען.

אסתר'קע ענטפערט איהם ניט. נאָר ער פיהלט אין וואָס פאַר אַן אנגסט זי פליהט...

— פליה פליה!... — מונטערט ער זי אַלץ אויף, — נאָך אַ ווײַלע און מיר זיינען אין וואַלד.

דער יאַסטרעב איז אָנגעפלויגען ווי אַ ווינד, האָבען זיי זיך אַ וואָרף געטאָן אָן אַ זייט, ער נאָך זיי, זיי ווידער צוריק. אזוי האָבען זיי זיך ארומגעדרעהט, ביז זיי זיינען אריין אין וואַלד און זיך פאַרשלאָגען אונטער צווייגען, וואו דער יאַסטרעב האָט שוין ניט געקענט צוקומען.

— אסתר'קע! ניטאָ וואָס מעהר מורא צו האָבען — האָט שואל'קע געקוקט ווי אסתר'קע האָט זיך צו איהם צוגעטוליעט.

— כ'בין מיעד און כ'וויל עסען — האָט זי זיך געקלאָגט.

— מיר'ן זיך אַראָפּלאָזען אויף דער ערד, וועלען מיר קריגען עסען אויך — האָט שואל'קע פאַרזיכערט.

— לאָמיר.

גערערט־געטאָן. שואל'קע מיט אסתר'קען שפּרינגען אונטער און פּיקען — זוכען מיט די שנעבעלאַך — ניין, גאָר־נישט ניטאָ, נאָך הוילער מאָך ארום און צוקראַכענע שוואָמען.

— איך חלש עסען... — צעוויינט זיך פלוצלינג אסתר'קע.

— מיר'ן מוזען פליהען אהיים—פאַרטראַכט זיך שואל'קע.

— ווייט אהיים? — פרעגט זיך נאָך אסתר'קע.

— כ'ווייס ניט. כ'וועל פרעגען ביי „אַזעגער", וועט ער מיר זאָגען.

שואל'קע האָט אָפּגעזוכט אַ גריל:

— וואו איז מיין היים? — פרעגט ער.

— ווער ביזטו? — פרעגט דער גריל און קוקט איהם אָן מיט די גרינע אויגען.

— איך בין שואל'קע.

— אָה, שואל'קע דער „פיסעל־רייסער", כ'וועל דיר ניט זאָגען.

שואל'קע גיט זיך אַ וואָרף אַ פּיק טאָן, אָבער דער גריל שפּרינגט אָפּ און גרילצט פון לאַכען: שואל'קע דער פיסעל־רייסער ווערט דאָ אויסגעהן פון הונגער.

—כ'שטאַרב עסען — וויינט אסתר'קע.

— כ'וועל מעהר ניט רייסען, זאָג — רופט שואל'קע.

— שווערסט זיך? — הערט אויף דער גריל צו לאַכען.

—כ'שווער זיך.

— פליה ארויס פון וואַלד, פאַרנעם זיך רעכטס, דערנאָך לינקס, וועסטו זיין ביי זיך אין סאָד.

— אַן אמת?

— געוויס!

— אַבי איך האָב געמיינט, ווי ווייט מיר זיינען.

— דאָס האָט דער יאַסטרעב אייך געטריבען אין קאראַד — האָט רעזאָנירענד אָפּגעגרילצט דער „זעגער".

— זייט געזונד!

— האַלט וואָרט!

שואל'קע קוקט זיך ארום, טאַקע, אָט איז דער סאָד! אָט זיינען נאָך די אויפגעשטעלטע ציגעל און די שטיקלאַך חלה.

לאָמיר זיך טאַקע אראָפּלאָזען אין סאָד — שלאָגט פאָר שואל'קע.

— לאָמיר.

— איך חלש עסען... — קוקט אסתר'קע מיט גיעריגע אויגעלאַך אויף די צושאָטענע ברעקלאַך. — ווי מיינסטו, קען איך עסען די חלה?

— קענסט עסען, ריינע חלה, אויף מיין וואָרט, כ'האָב אליין צושאָטען — פאַרזיכערט שואל'קע, — און וואָס אַרט אונז, מיר זיינען דאָך סיי ווי פויגעלאַך.

און זיי שפּרינגען איבער די ציגעל און פּיקען מיט די שנעבעלאַך, און פלוצלינג —באַץ! דער אויבערשטער ציגעל איז צוגעפאַלען.

א וועהטאָגליכער פּישטש האָט דורכגעשניטען די לופט. שואל'קע זיצט אויף די ציגעל מיט אויפגעשטעלטע פעדערען פון שרעק און אסתר'קע ליגט אַ צוגעקלעמטע און איין אויג פינטעלט ביי איהר און פינטעלט, ווי ס'וואָלט זיך געמאַטערט וויינען...

פון שרעק האָט זיך שואל'קע אויפגעכאַפּט.

---

איהר וועט בלייבען אַ קבצן מיט'ן דאלאר און אָהן דעם דאלאר געבענדיג איהם אָבער פאַר די מלחמה־קרבנות, זייט איהר אָבער זיכער, דאָס עס פעהלט יעצט מיט אַ דאָלאר וועניגער צו די 5 מיליאָן און איהר וועט האָבען אין איהם אייער חלק.

* * *

געגענזייטיגע הילף איז נישט קיין נדבה, פונקט ווי די „פּיפּעלס רעליעף" איז נישט קיין צדקה — עס איז אַ חוב, אויב איהר צאָהלט נישט זייט איהר גייסטיג באַנקראָט.

* * *

יא, יא, דערווײַלע בלייבט עס דאָ ביי דעם אַלטען: בורלסאָן בלייבט זיצען ביי דעם צענזור־טיש, מוני אין תפיסה און שמואל גאָמפּערס אַזוי זיך ביי אַ טיש אנשטאָט ביי דעם שלום־טיש...

„לא תרצח"... דו זאָלסט קיינעם נישט הרג'ענען, סיידען די סאָציאַליסטען, אַנאַרכיסטען, באָלשעוויקעס, אַי־דאָבעליו־דאָבעליוס, יוניאָניסטען און איבערהויפּט איסט־סיידער „פאַראייניגערס" — פרעגט די „נעשיאָנאַל סעקיורטי ליעג"...

* * *

זעהט אַז אַלע אין אייער יוניאָן זאָלען האָבען אַן ערשט־קלאַ־סיגע מעמבערשיפּ־פּאָליסי פון אַ. ר.

* * *

אויב אייער ברענטש האָט נאָך נישט די פולע קוואָטא מאַכט אַ גרויסען גוואַלד אויף איינעם פון אייערע נעקסטע מיטינגען.

* * *

אויף דער דעטראָיטער קאָנווענשאָן מוזען זיין פאַרטרעטער פון פינף און זיבעציג טויזענד מעמבערס.

---

מיט אייער הילף און אַנשטרענגונג קען עס ווערען פינף און זיבעציג טויזענד.

# די פיזישע ערציהונג פון קינד

(פראקטישע עצות ווי צו היטען דעם קינד'ס געזונד)

פון ה. ג. סאלוצקי

## שלאף (פארטזעצונג).

עס דארף אימער זיין אן אפען פענסטער אין קינד'ס שלאף־צימער. דערביי דארף דאס פענסטער זיין אפען אביסעל פון אויבען און אביסעל פון אונטען, אום עס זאל זיין אן אויסטויש פון לופט. די ווארעמע שטוב־לופט געהט ארויס פון אויבען און די קיהלערע דרויסען־לופט קומט אריין פון אונטען. זאגאר ווען עס איז זעהר קאלט אין דרויסען, איז אויך גוט צו האלטען דאס פענסטער אביסעלע אפען דארט וואו דאס קינד שלאפט. ווען אבער דאס וועטער איז אזוי שטורעמדיג, אז עס איז ניט מעגליך צו האלטען אפען די גאנצע נאכט, דארף מען דאס צימער גוט דורכלופטערען איידער מען ברענגט דאס קינד אריין אהין און דאן ערשט צוריק פארמאכען. וואס מעהר לופט דאס קינד האט, אלץ מעהר שאנסען אז דאס זאל אויפוואקסען מיט געזונטע לונגען און א נארמאלען בלוט־פארקעהר.

מען דארף דאס קינד גלייך פון אנהויב געוואוינען שלאפען באשטימטע שטונדען אין טאג, און די הויפט־זאך צו שלאפען רוהיג די גאנצע נאכט. די ערשטע עטליכע מאנאטען שלאפט דאס קינד א פאר שעה אין דער פריה, און א פאר שעה בייטאג. שפעטער, ווען עס שלאפט שוין וועניגער, שלאפט דאס נור איין מאל דורכ'ן טאג. עס איז דאן ראטזאם צו געוואוינען דאס קינד שלאפען אין אזא צייט, אז דאס זאל וואס לענגער זיין וואכענדיג פאר דעם, ווי מען לעגט דאס שלאפען אויף ביינאכט. דאן זאל מען דאס אימער לעגען אין דער זעלבער צייט, זאגען מיר זעקס אדער זיעבען אוהר אין אוונד. ווי מען לעגט דאס קינד אריין אין בעטעל, זאל מען אויסלעשען די ליכט, עפענען דאס פענסטער און ארויסגעהן פון צימער. אויב נור דאס קינד איז געזונד, וועט דאס זיך שנעל צוגעוואוינען אזוי איינצושלאפען אהן וויעגען און אהן ליעדעלעך. אויב זאגאר דאס וועט א פאר מאל וויינען, דארף זיך די מוטער ניט איילען דאס טרייסטען. ווען דאס קינד וועט זיך „איבערצייגען", אז דאס וויינען ברענגט איהם גארניט, וועט דאס שוין בעסער איינשלאפען אהן געוויין.

דאס בעסטע איז צו געוואוינען דאס קינד שלאפען אין א קאלטען צימער און דאס ווארעם איינדעקען, באזונדערס דארפען די פיסלעך זיין ווארעם. וואס קעלטער דאס צימער אלץ וועניגער דארף מען מורא האבען אז דאס קינד וועט פון זיך ארונטערווארפען דעם צודעק. דאס לערענט זיך שנעל אויס, אז פריהרען איז ניט באקוועם. זומער איז זעהר גוט, ווען דאס קינד קען די גאנצע נאכט שלאפען אין דרויסען, וואו דאס איז מעגליך מוז מען אבער זיין צוגעגרייט, אז אויב די טעמפעראטור בייט זיך פלוצלינג אויף קעלטער, זאל מען גלייך בייטען זיין צודעק. אויב די מוטער שלאפט ניט ווייט פון קינד ביי אן אפענעם פענסטער, וועט זי געוועהנליך דערפיהלען די אומבייטונג פון דער טעמפעראטור אין צייט צו באזארגען איהר קינד מיט א ווארעמערען צודעק.

ווען א געזונד קינד שלאפט ניט רוהיג איז דערביי זיכער דא אן אורזאכע, וועלכע עס איז מעהרסטענס ניט שווער צו באזייטיגען. מעגליך, עס איז איהם צו קאלט אדער צו ווארעם. מעגליך, אז עס האט צופיעל געגעסען, אדער עס איז הונגעריג אדער דורשטיג. פילייכט איז דאס געלעגער ניט באקוועם, דאס ליילאך ניט גלאט, אדער דאס קינד איז נערוועז, ווייל מען האט זיך מיט איהם געשפיעלט פאר'ן שלאף און עס אויף אזא'ן אופן צופיעל אויפגערעגט. און נאך א סך אזעלכע קלייניגקייטען קענען שטערען דעם קינד'ס רוה. מען מוז דעריבער, ווי געזאגט, אויסגעפינען די ריכטיגע אורזאכע און זי באזייטיגען אזוי שנעל ווי מען קען. מען טאר אבער ניט געבען קיין מיטלען צו פארבעסערען דעם קינד'ס שלאף. דאס קינד טאר ניט קריגען קיין שלאף־געטרענקע, קיינע סיראפען, וואס זיינען געמאכט פאר דיעזען צוועק. א סך קינדער שטארבען אויס פון אזעלכע „באבסקע רפואות". אויך דארף מען עס ניט געבען קיין „סאסקע" צו זויגען, דאס זאל אנשווייגען ווערען און רוהיג איינשלאפען.

דאס קינד דארף האבען א שטילען, רוהיגען צימער צום שלאפען, דאס מיינט אבער ניט, אז יעדער דארף געהן אויף די שפיץ נעגעל בשעת זיין מאיעסטעט רוהט. עס דארף זיין געוואוינט צו שלאפען אונטער דעם סארט טומעל, וואס איז אונפארמיידליך אין יעדען הויז.

א יונג קינד שלאפט פון אכצעהן ביז צוואנציג שעה א מעת־לעת.

צו זעקס מאנאטען שלאפט עס ביי זעכצעהן שעה. צו א יאהר ביי פערצעהן שעה, און שפעטער ביי צוועלף שעה פון די 24.

## דאס געלעגער

דעם קינד'ס בעטגעוואנד דארף אויף ווי ווייט מעגליך זיין פון אזא שטאף, וואס מען קען אפט וואשען. אנשטאט א מאטראץ קען מען די ערשטע צייט נוצען א דיקע ווייסע דעק צונויפגעלעגט אין פיערען, אדער אויסגעשטעפטע וואטע מיט ווייסען שטאף באדעקט (פעדינג). דאס דעקט מען איבער מיט א ליילאך און אויפ'ן ליילאך לעגט מען א „גאמע" אדער א צעראטע און איבער דעם נאך א ווייכע דעק, אם בעסטען מיט אויסגעשטעפטע וואטע, אום דעם קינד זאל זיין ווייך צו ליגען. ווען מען נוצט א מאטראץ מאכט מען אויך דאס בעט אויף דעם זעלבען שטייגער, אזוי אז דעם קינד זאל זיין ווייך צו ליגען און דער מאטראץ זאל ניט נאס ווערען. דער צוקאפענס דארף זיין זעהר נידריג, אום דאס קינד זאל בעסער אטעמען, אדער מען נוצט גאר א דין קישעלע, צי א קליינע צונויפגעלעגטע דעקע. דער צודעק זאל באשטעהן פון א ווייס ליילעך און אויך דעם א ווייסע דעקע, וואס וואשט זיך לייכט.

דאס גאנצע בעטגעוואנד דארף יעדען טאג ווערען געלופטערט, און מען דארף דאס אפט פריש באציהען. אויב דאס קינד נעצט וואס איין, זאל מען דאס א צווייטען מאל ניט נוצען, עס מוז ווערען געוואשען.

## דאס צימער

דאס צימער, וואו דאס קינד שלאפט, אדער וואו עס געפינט זיך אם מעהרסטען בייטאג, דארף זיין דאס ליכטיגסטע און לופטיגסטע, וואס מען קען נור אויספיהרען. דאס קינד מוז האבען א סך זונען־שיין, פונקט ווי די בלום. אהן דער זון פארוועלקט עס אפט פאר דער צייט. אויב דער שלאף־צימער, וואס די פאמיליע פארמאגט, צייכענט זיך ניט שטארק אויס אין דיעזער הינזיכט, איז כדאי צו מאכען יעדע אנשטרענגונג, אז דאס קינד זאל קענען שלאפען אין ליכטיגסטען און לופטיגסטען צימער, וואס געפינט זיך אין הויז. וועניגסטענס דארף מען זעהן דאס טאן דאס ערשטע יאהר פון קינד'ס לעבען, ווען עס ווערט געלעגט דער הויפט־פונדאמענט פון דעם צוקינפטיגען מענשען. דאס צימער דארף אין זיך ענטהאלטען וואס וועניגער מעבעל. קיין בילדער אויף די ווענט דארף מען אין גאנצען ניט האבען. אויך זאל מען אראפנעהמען אלע פארהאנגען, אין וועלכע עס זאמעלט זיך שטויב. אויב מען וויל האבען פארהענגלעך אויף די פענסטער, איז גוט צו מאכען קורצע, וואס דעקען נור צו דאס אונטערשטע האלבע פענסטער, און זיי וואשען יעדע וואך. די ווענט איז אם בעסטען צו האבען געפארבטע, וועלכע מען קען וואשען. אויב אבער זיי זיינען געדעקט מיט שפאליר, דארף מען זיי גאנץ אפט ווישען מיט א טרוקענעם לאפען, אום ארונטערצונעהמען דעם שטויב פון זיי. קאוויארען זיינען די ערשטע צייט אן איבריגע זאך אין א קינדער־צימער, ווייל עס איז זיי שווער צו האלטען ריין.




מיר דריקען אוים טיעפען טרויער אויף דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פריינד איים ראַטהענבערג און אויך פון דייוו גודלאַוו. מיט דעם טויט פון אייב גודלאַוו האָט דער אַרבייטער רינג און אויך די גאַנצע אַרבייטער באַוועגונג פאַרלוירען איינעם פון זייערע טיכטיגסטע מיטגליעדער.

מיר דריקען אוים אונזער טיעפסטען באדויערען צו זיין פרוי און קינד.

ל. באקאל, סעק. בר. 450.

---

מיר דריקען אוים אונזער טיעפסטען טרויער נאָך אונזער פאַרשטאָרבענעם פריינד דזשאָזעף געטלער און דריקען אוים אונזער מיטגעפיהל צו זיין פרוי און קינדער. אויך דריקען מיר אוים אונזער באדויערונג צו אונזערע פריינדע דזש. שוואַרץ און ב. דובינסקי פאַר דעם פאַרלוסט פון זייערע פרויען. עהרע זייער אנדענקען!

מיט טרויער, בר. 110 א. ר. דזש. פאוולאוו, סעק.

---

מיר דריקען אוים אונזער טיעפסטען באדויערען אויף דעם פריהצייטיגען פאַרלוסט פון אונזער פאַרשטאָרבענעם פריינד און חבר טשאַרלי סטאַקס, געשטאָרבען אין די קעמפס דעם 11טען אָקטאָבער. צו דער זעלבער צייט דריקען מיר אוים אונזער טיעפסטע סימפּאַטיע צו אַלע זיינע שוועסטער, ברידער און פריינד. עהרע זיין אנדענקען!

סעם פינקעלשטיין, סעק. בר. 386.

---

מיר דריקען אוים אונזער באדויערען און מיטגעפיהל צו מ. און עליזאבעטה לאנדוי אויפ'ן שרעקליכען פאַרלוסט פון זייער זוהן און אונזער מעמבער אב. לאנדוי, געשטאָרבען אין עלטער פון 21 יאָהר פון דער שרעקליכער מגפה.

א. פערעלמאן, סעק. בר. 135.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 62, בויגען אונזערע קעפּ און מיט טרערען אין די אויגען באדויערען מיר דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פיעלבאליעבטען פריינד הערי סלוצקי.

י. שטיינבערג, סעקרעטער.

---

מיר דריקען אוים אונזער טיעפסטען באדויערען און מיטגעפיהל אויף דעם פאַרלוסט וואָס אונזער פריינד י. לעוויט און זיינע פיער קליינע קינדער האָבען געליטען דורך דעם פריהצייטיגען טויט פון זיין פרוי — און מוטער לינע לעוויט.

חיים שווארץ, רעק. סעק. בר. 66.

---

מיר דריקען אוים אונזער מיטגעפיהל צו אונזער פריינד טעפלער פאַר דעם פאַרלוסט פון זיין ליעבע פרוי בערטהא טעפלער, וואָס איז אזוי פריהצייטיג פון דער וועלט אוועקגעריסען געוואָרען דורך דער מגפה.

יוסף ריעז, ב. פארטינסקי, קאָם. בר. 538.

---

מיר דריקען אוים אונזער טיעפען טרויער אויף דעם טויט פון אונזער פריינד זיסקינד דיכטער.

רעזאלוצאנס קאמיטע. ל. ליוויי, בר. 573.

---

מיר דריקען אוים אונזער טיעפסטען טרויער אויף דעם טויט פון אונזער פר. היימאן קאטצמאן, געשטאָרבען אין עלטער פון 27 יאָהר. אין דער זעלבער צייט דריקען מיר אוים אונזער סימפּאַטיע צו דער פרוי און קינדער.

ה. קולקין, סעק. בר. 156.

---

מיר, די מעמבערס פון אידישען סאָציאַליסט און אַרבייטער רינג געזאַנגס פעראיין פון מילוואָקי, וויס., דריקען אוים אונזער טרויער אויפ'ן טויט פון אונזער טייערער פריינדין עליזאבעטה אנאסאָוו, וועלכע איז געשטאָרבען אין דער בליהענדער יוגענד, בלויז 16 יאָהר אַלט. אויך דריקען מיר אוים אונזער טיעפסטען מיטגעפיהל און סימפּאַטיע צו איהרע עלטערען, ביי וועלכע זי איז געוועזען אַן איינציגע טאָכטער.

מ. בערסאן, אָרגאַנייזער.

---

מיר דריקען אוים אונזער טיעפסטע סימפּאַטיע צו אונזערע פריינד אלעק. פאסעמאַן און פרוי איבער דעם פאַרלוסט פון זייער טאָכטער, 11 יאָהר אַלט; בעני ריטשמאַן און פרוי איבער דעם פאַרלוסט פון זייער איינ־איינציגען זוהן, 11 יאָהר אַלט, אין דער לעצטער עפּידעמיע, וואָס האָט אַזוי אונערבאַרעמליך געבושעוועט ביי אונז אין שטאָט.

בר. 362., ס. סניידער, י. עפשטיין, קאָמיטע.

---

מיר דריקען אוים אונזער טיעפסטע סימפּאַטיע צו אונזער באַליעבטען פריינד איזידאָר באראף, אויפ'ן פריהצייטיגען טויט פון זיין יונגע און באליעבטע פרוי, געשטאָרבען פון נעמאָניא. אויך דריקען מיר אוים אונזער טיעפסטען טרויער און שמערץ איבער דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פריינד הערי סוויד, געשטאָרבען פון נעמאָניא, וועלכער האָט טריי און איבערגעגעבען געאַרבייט פאַר אונזער ברענטש ביז דער לעצטער מינוט פון זיין לעבען. מיר דריקען אוים אונזער טיעפסטע סימפּאַטיע צו זייערע פאַמיליען. עהרע אייער אנדענקען!

רעז. קאָמ. בר. 479:
וויל סוויד, י. בערגער, ס. ליעבערמאן.

---

מיר דריקען אוים אונזער טרויער איבער דעם טויט פון אונזער פריינד און מעמבער טש. הירש, און אונזער מיטגעפיהל צו זיינע ברידער, אונזערע פריינד און מעמבערס, ב. הירש און א. הירש.

בר. 565. דזשאפפע, רעק. סעק.

---

מיר דריקען אוים אונזער טיעפסטען טרויער און שמערץ איבער דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פריינד סעם ענטין, וועלכער איז געפאַלען א קרבן אין שלאַכט. מיר דריקען אוים אונזער טיעפסטען באדויערען צו זיינע עלטערען און פריינד.

בר. 352 רעז. קאָמ.: ה. קליין, סעם פארבמאַן און דזש. דראגונסקי.

---

מיר דריקען אוים אונזער טיעפסטען טרויער אויף דעם טויט פון אונזער פריינד סאדעגורסקי. מיר דריקען אויך אוים אונזער טיעפסטע סימפּאַטיע צו זיין פרוי און קינדער.

בר. 20 לייבאר ליצג. סעם ריף, סעק.

---

מיר דריקען אוים אונזער טיעפסטען טרויער איבער דעם פריהצייטיגען טויט, דורך דער שרעקליכער מגפה, פון אונזער פריינד און מעמבער היימאן גאממער, און אונזער סימפּאַטיע צו דער אלמנה מיט די קינדער פון דעם פאַרשטאָרבענעם.

מ. האפמאן, סעק. בר. 152.

---

מיר באדויערען זעהר דעם פאַרלוסט וואָס אונזער פריינד מ. בראוון האָט ערליטען דורך דעם פריהצייטיגען טויט פון זיין פרוי און אויך פון זיין ניי־געבאָרענעם קינד.

א. וואלפסאן, סעק. בר. 474.

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען טרויער און שמערץ איבער דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער אַלעמענס באַליעבטען פריינד און געג. אנשעל ווישניאק. מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטע סימפּאַטיע צו זיין פרוי און קינדער און מיר ווינשען אַז די צוקונפט זאָל זיי טרייסטען.

דזשק הארבעק, בר. 42 ל. ל.

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען באַדויערען און שמערץ איבער דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער באַליעבטען און געאַכטעטען פריינד יעקב לעגונסקי. מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטע סימפּאַטיע צו זיין פאַמיליע. עהרע זיין אנדענקען!

ה. פרידלענדר, רעק. סעק. בר. 154.

מיר טרויערען אויף דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער באַליעבטען פריינד דייוו באַרנעט. מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטע סימפּאַטיע צו זיין פרוי און קינד, ווי אויך צו זיין פאַמיליע.

מאררים גיטלין, סעק. בר. 547.

אַלס פריינד און לאַנדסמאַן דריק איך אויס מיין טרויער אויף דעם טויט פון פריינד שאַפּראַן, מעמבער פון בר. 585 אַ. ר., וועלכער איז געפאַלען אין דער מלחמה, און דריק אויס מיין טיעפע סימפּאַטיע צו זיין פאַמיליע.

העררי פלאָג, אַ סאָלדאַט אין דער אַמעריקאַנער אַרמעע אין פראַנקרייך, מעמבער פון בר. 474 אַ. ר., סאוטה בעטלהעם, פּאַ.

מיר דריקען אויס אונזער טיעפען טרויער אויפ'ן פריהצייטיגען טויט פון אונזער פריינד בעני רייזען, וואָס איז געפאַלען אין שלאַכט. אויך באַדויערען מיר דעם פריהצייטיגען טויט פון זיין שוועסטער דאָרא גראַזאַלסקי, וועלכע איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, הערענדיג אַז איהר ברודער איז געפאַלען אין שלאַכט. אונזער טיעפסטע סימפּאַטיע צו אונזער פריינד סעם גראַזאַלסקי.

ס. יאַקאבי, סעקרעטער בר. 93.

מיר באַדויערען דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער ליעבענדען און טרייען מעמבער, יואל, ברעדלין, וועלכער איז געפאַלען אויפ'ן שלאַכטפעלד אין פראַנקרייך דעם 1טען נאָוועמבער 1918. עהרע זיין אנדענקען!

מיט גרוס

די רעזאָלוציאָנס קאָמיטע בר. 414 אַ. ר.

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען טרויער וועגען דעם טויט פון אונזער פריינד דייוו בראַטמאַן און אונזער טיעפסטע סימפּאַטיע צו זיין פרוי און צוויי קינדערלעך.

היימאַן אַלטער, פינ. סעק. בר. 725.

מיר דריקען אויס אונזער טיעפען באַדויערען צו דער פאַמיליע פון אונזער פריהצייטיג פאַרשטאָרבענעם פריינד העררי סאַלאמאַן. עהרע זיין אנדענקען!

מאררים בירענבוים, סעק. בר. 456.

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטע סימפּאַטיע צו פריינד רוימען און אויך צו זיינע צוויי קינדער איבער דעם פאַרלוסט פון זיין טרייער פרוי און מוטער פון זיינע קינדער.

מרס. עני עפּשטיין, סעק. ליידיס אוקזילערי סט. פּאול.

מיט טיעפען שמערץ באַדויערען מיר דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער טייערען חבר סעם גיסקין, וועלכער איז געפאַלען אַ קרבן ביי דער אַרבייט. מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען מיטגעפיהל צו זיין פרוי, מוטער און קרובים.

וויטעבסקער אָרג. פון בונד, בר. 224 אַ. ר. נ. סלאַווין, סעק.

מיר דריקען אויס אונזער באַדויערען און מיטגעפיהל צו אונזער פריינד דזש. שולמאַן אין דעם פאַרלוסט פון זיין פרוי און חבר מרס. דזשאַנעט שולמאַן.

ל. ראָזענטהאַל, סעק. בר. 564.

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען טרויער און שמערץ איבער דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פריינד מאַקס דראַגון און אונזער טיעפסטע סימפּאַטיע צו זיין פרוי און קינדער.

אויך דריקען מיר אויס אונזער טיעפסטע סימפּאַטיע צו אונזער פריינד היימאַן ברויטמאַן אין זיין טרויער וועגען דעם פריהצייטיגען טויט פון זיין יונגער פרוי. עהרע זיין אנדענקען.

בר. 199. י. טשורנאָוו, סעק.

מיר דריקען אויס אונזער מיטגעפיהל צו אונזער פריינד ג. געגין איבער דעם פריהצייטיגען טויט פון זיין פרוי. אונזער טיעפסטע סימפּאַטיע צו זיינע פינף יתומים'לעך.

אויך דריקען מיר אויס אונזער מיטגעפיהל צו אונזער פריינד ב. עללים איבער דעם פריהצייטיגען פאַרלוסט פון זיין פרוי. אונזער הערצליכע סימפּאַטיע צו זיין איינציגען קינד.

וויטעבסקער אָרג פון בונד, בר. 224 אַ. ר. מ. סלאַווין, סעק.

מיר דריקען אויס אונזער טרויער אויף דעם פאַרלוסט פון אונזערע פריינדע און מעמבערס, מאָרים ווינאָגראַדסקי, סעם דובין, דזשאָ עידלאָף און בנימין ווילענסקי, וואָס זיינען געשטאָרבען אין פאַרלויף פון דעם פאַרגאַנגענעם קוואַרטאַל. מיר דריקען אויך אויס אונזער טיעפסטען מיטגעפיהל צו די געבליבענע פאַמיליעס. עהרע זייער אנדענקען!

בר. 204 אַר. רינג, מאָנטרעאַל. מ. צאַליבין, סעק.

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען טרויער און באַדויערונג איבער דעם פאַרלוסט פון אונזערע פריינדע מייער ברודי און מיס סאָפיא פאַלקאָוו, וועמען דער פריהצייטיגער טויט האָט אַרויסגעריסען פון אונזערע רייהען. עהרע אייער אנדענקען, טייערע חברים.

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטע סימפּאַטיע צו די פאַמיליעס פון ביידע פאַרשטאָרבענע. זאָל די צייט אויך ברענגען טרייסט.

מ. לוריא, סעק.

מיט צובראָכענע הערצער און טרערען אין די אויגען באַדויערען מיר דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער געג. און מעמבער פון ברענטש 484 אַ. ר., פּיטער ר. פעלדמאַן, געפאַלען דעם 18טען דעצעמבער 1918 אויפ'ן שלאַכטפעלד אין פראַנקרייך.

פאַר דער קורצער צייט וואָס געג. פעלדמאַן, אַ מעמבער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און אַרבייטער רינג, האָט ער אַרויסגעצייגט אויסערגעוועהנליך גרויסע פעהיגקייטען אַלס טאַלאַנטפולער רעדנער און איבערגעגעבענער טוער אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. מיר דריקען אויס אונזער גרעסטען טרויער און מיטגעפיהל צו זיין פאַמיליע און שוועסטער.

רעזאָלוציאָן קאָמיטע: א רובין, י. סיילער, מ. טיגנער.

ווערטהע רעדאַקציאָן פון „פריינד“:

איהר זיינט ערזוכט צו פאַרעפענטליכען פאָלגענדע פּראָבעסט־רעזאָלוציאָן אין נעקסטען נומער „פריינד“:

אין אנבאַטראַכט, אַז אַ מקויער־רעזאָלוציאָן, אויב נור אַן אויסדרוק פון אמת'ער פריינדליכקייט און אינערליכען מיטפיהלען פון דער גאַנצער מעמבערשיפ, צו טיילען דעם גרויסען אונגליקספאַל מיט איינאַנדער און מיט די נאָהענטסטע פון פאַרשטאָרבענעם, איז פיעל מעהר ווי אַ מאַסען־ראַבאָרט, פאַרעפענטליכט אין דעצעמבער נומער „פריינד“;

אין אנבאַטראַכט, אַז אַ דעראַרטיגער מנחם־אָבל־זיין פון צעהנדליגע און הונדערטע פריינד, וועמעס הערצער בלוטען איבער זייער אַלעמענס גרויסען פאַרלוסט, קען אַם בעסטען און אַם ווירקזאַמסטען דערגרייכען די האַרט־געטראָפענע אבלים נור דורך דער פרעס;

אין אנבאַטראַכט, דאָס דער „פריינד“ איז, און זאָל אויך זיין דער איינציגער אָרגאַן, וואו די גרויסע און ברייטע מעמבערשיפ פון אונזער באַליעבטען אָרדען טיילט און דאַרף אויך טיילען זיינע פרייד און ליידען;

אין אנבאַטראַכט, דאָס די טרויער־רעזאָלוציאָנען, צוגעשיקט לעצטענס צום „פריינד“, פון אונזער ברענטש און פון פיעלע אַנדערע דורך דער גרעסליכער עפּידעמיע פאַראונגליקטע ברענטשעס פון אַרב. רינג זיינען ניט פאַרעפענטליכט געוואָרען מיט דעם „ווערי פור עקסקיוס“, „עס וואָלט פאַרנומען איבער פיער זייטען“ (אגב אורחא, דער „פּאָרווערטס“ און אויך דער „מאָרגען זשורנאַל“ האָבען צו דערזעלבער צייט און פאַר דיזעלבע רעזאָלוציאָנען גאָר ניט באַרעכענט, אַז זיי האָבען קיין פּלאַץ — אמת, מיר האָבען געצאָהלט דערפאַר)...

טזוי איז ביי אַ גוט־באַזוכטען מיטינג פון אונזער ברענטש 139 אַ. ר., מיטוואָך דעם 18טען דעצ. 1918, באַשלאָסען געוואָרען אייניג דריקען אונזער אויפריכטיגעס באַדויערען איבער דער אונפּריינטליכער האַנדלונג פון דער רעדאַקציאָן פון „פריינד“ דורך אַ הייציגען פּראָטעסט.

מיר ווילען אויך איבערצייגט זיין, אַז צעהנדליגע טויזענדע מיטגליעדער פון אַרב. רינג מוזען פיהלען, גלייך ווי מיר, זייער בראַפען, ווען ניט אינגאַנצען אַלס פּשוט'ע תינוקים'ס... נאַריש קייטען, דער דעפיציט פון „פיער פיידזשעס מעהר“ איז נאָך אין פּעני אויף דער ביל פון יעדען מעמבער... און דער אויסדרוק פון אונזער טרויער זאָל און מוז געפינען דעם נויטיגען פּלאַץ אין אונזער איינציגען אָרגאַן „פריינד“.

פאַר דער רעז. קאָמ., וואָלף אייזנער.

רעדאַקציאָנס־באַמערקונג: אויב די פריינדע פון בר. 139 צווייפלען אין דער ערנסטקייט פון אונזער באַהויפּטונג, אַז 54 רעזאָלוציאָנען וואָלטען פאַרנומען פיער און אַ האַלב פּיידזשעס, מוזען מיר אַמוועניגסטענס צווייפלען אין זייערע מאַטעמאַטישע קענטניסע...

## קוויטירונג

ל. וויינטרויב, בר. 413, באַפאַלא, נ. י., האָט קאָלעקטירט 16 דאָלאַר ביי דעם ברית, וואָס עס האָט געמאַכט פריינד נ. בעם פון זעלבען ברענטש, פאַר די מלחמה קרבנות.

בר. 530, האוסטאָן, טעקסאַס, האָט אונז אַריינגעשיקט $9.46 פאַר די מלחמה־ליידענדע, וואָס איז זיי איבערגעבליבען פון לעצטען זומער'ס פּיקניק.

# זיצונגען פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע א. ר.

א פארטזעצונג פון דעם מיטינג פון דער נאצ. עקזעקוטיוו קאמיטע פון ארבייטער רינג ווערט אפגעהאלטען דיענסטאג אבענד, דעם 17טען דעצעמבער, מיט פריינד אב. עפשטיין אלס טשערמאן.

### קאמיטע.

פון גרייטער ניו יארק מעגענטס ליעג — ערקלערען, אז זיי ווילען פארשפרייטען דעם געדאנק וועגען קויפען פראדוקטען אויף א קא־אפעראטיווען אופן און וועגען רענטען מאדערנע הייזער אויף א קא־אפעראטיווען באזיס. — עס ווערט באשלאסען זיי ענטפערן, אז מיר קענען יעצט אזא קאנפערענץ ניט פאררופען.

### ראפארט פון סאניטאריום קאמיטע.

פריינד גוסקין, טשערמאן פון דער קאמיטע, איז א דעלעגאט צום אידישען קאנגרעס, וואס ווערט איצט אפגעהאלטען אין פילאדעלפיא, און פריינד דזש. ראטהמאן, וויס־טשערמאן, גיט איבער פאלגענדען באריכט פון סאניטאריום:

פון די צוויי נייע צימערען, וואס זיינען אויפגעבויט געווארען צוזאמען מיט דער „קיטשען־עקסטענשאן", האט מען איין צימער פארוואנדעלט אין א „רעקריאיישאן רום" פאר די אנגעשטעלטע.

א נייע מייטראן, מיסס ברענער, איז אנגעשטעלט געווארען אויפ'ן פלאץ פון מרס. מילער, וועלכע האט פארלאזט דעם סאניטאריום צוליעב פאמיליען אנגעלעגענהייטען.

אלע מיטגליעדער פון דער סאניטאריום קאמיטע זיינען לעצטען מאנאט געווען אין סאניטאריום, אום זיך דורכצורייד ען מיט די דאקטוירים און אנגעשטעלטע און הערען זייערע רעקאמענדאציאנען וועגען איינבעסערונגען וואס קענען געמאכט ווערען. די קאמיטע האט דאן אנגעצייגט אויף פיעלע דעטאלען וואס קענען אויסגעבעסערט ווערען און איבערראשט דר. ראזענבערג, דעם מעדיקאל דירעקטאר און סופּערינטענדענט, דאס דורכצופיהרען. זיי גלויבען, אז דער באזוך פון דער קאמיטע וועט ברענגען גוטע רעזולטאטען.

די סאניטאריום קאמיטע האט באשלאסען, אז די איינקונפט פון דעם סאניטאריום טאג יום־טוב, וואס ווערט געפייערט פון פיעלע סיטי קאמיטעס און ברענטשעס פון ארבייטער רינג, זאלען דיזען יאהר געהן פאר דעם 25 טויזענד דאלאר רעליעף פאנד, וואס די נאצ. עקזעקוטיוו האט זיך פארפליכטעט צו שאפען.

א מעמבער פון א געוויסען ברענטש אין ניו יארק געפינט זיך אין א שטאדטישען האספיטאל פאר קאנסאמפשיוס. דער באטרעפענדער איז פריהער אונטערזוכט געווארען פון אונזער דאקטאר, וועלכער האט געפונען, אז ער איז ניט קיין פאסענדע קייס פאר אונזער סאניטאריום. דער ברענטש האט זיך לעצטענס עטליכע מאל געווענדעט, דאס מען זאל דעם באטרעפענדען אריינגעהמען אין אונזער סאניטאריום, ווייל ער האט זיך פאר דער צייט פיעל געבעסערט. דר. האלפערן, דער אדמיטינג דאקטאר פון סאניטאריום, האט אנגעפרעגט אין דעם שטאדטישען האספיטאל און זיי האבען געענטפערט, אז זיי געפינען איהם נאך יעצט אונפאסענד פאר דעם א. ר. סאניטאריום.

אום צו האבען א בעסערען קאנטראל איבער די פראדוקטען און סופלאיס פון סאניטאריום, האט די קאמיטע באשלאסען איינצופיהרען א סטאק רום און אנשטעלען א ספעציעלען קלוירק, וועלכער זאל האבען די אויפזיכט איבער דער סטאק רום.

נאך דעם ווי עס ווערען געשטעלט איניגע פראגען ווערט דער רעפארט גוטגעהייסען.

---

פריינד באסקין ערקלערט, אז די נאצ. ארבייטער קאמיטע האט אויפמערקזאם געמאכט, דאס ס'וואלט געווען ראטהזאם אפצולעגען די וואהל־קאנפערענץ פאר דעלעגאטען צום אידישען ארבייטער קאנגרעס, באשטימט פאר'ן 28טען דעצעמבער, ווייל די צייט איז צו קורץ, און ווייל ס'איז ניט געווען אנאנסירט, אז יעדער ברענטש וועט דארפען איינצאהלען צו צוויי דאל. פאר דעם ערשטען דעלעגאט און נאך אן עקסטרא דאלאר פאר יעדען איבריגען דעלעגאט.

ער דויטעט אויך אן, אז די זיצונגען פון די נײשאנאל באארד און דירעקטארס וועלען אפגעהאלטען ווערען דעם 27טען, 28טען און 29טען דעצעמבער.

ס'ווערט באשלאסען אפצולעגען די וואהל־קאנפערענץ אויף שבת אבענד דעם 4טען יאנואר. אלס פארטרעטער צו דער קאנפערענץ ווערען ערוועהלט עפשטיין, דינערשטיין, וויינשטיין.

### ראפארט פון דער ארגאניזאציאנס קאמיטע.

פריינד דינערשטיין, טשערמאן פון דער קאמיטע, באריכטעט, אז די דיסטריקט קאמיטע פון מעין סטייט וועט ארראנזשירען א טשארטער־פעסט אין מאנאט יאנואר. זיי דענקען די פייערונג אויסניצען פאר א. ר. פראפאגאנדא און זעהן ביי דער געלעגענהייט פארצושלאגען נייע מעמבערס.

פאר דער ערעפענונג פון מעמבערשיפ קאמפיין אין ניו יארק איז אראנזשירט געווארען דער גרויסער קאנצערט און מאס־מיטינג אין סענטראל אפערא הויז, אויף דעם 22טען נאוועמבער. אין דעם פראגראם האבען זיך באטייליגט דער ארבייטער רינג כאר, דער א. ר. ארקעסטער, בר. 615, די „פרייע אידישע פאלקס ביהנע", בר. 555 און דער א. ר. מאנדאלין ארקעסטער. עס זיינען געווען ארום 4500 באזוכער און דער קאנצערט איז געווען אין אלע הינזיכטען א גרויסער ערפאלג.

ס'זיינען געדרוקט געווארען שאו־קארדס, וועלכע ווערען פארנאנדערגעשיקט צו די סיטי און דיסטריקט קאמיטעס.

די ניו יארק סיטי ארג. קאמיטע האט זיך גענומען פאר דער ארבייט פון מעמבערשיפ קאמפיין. זיי האבען גערופען קאנפערענצען אין פארשיעדענע טיילען פון שטאדט מיט בעאמטע פון ברענטשעס און טעטיגע טוער פון א. ר. און זיך דורכגערעדט וועגען פלענער אין פארבינדונג מיט דעם קאמפיין פאר 70,000 מיטגליעדער. זיי באזוכען אויך פיעלע ברענטש מיטינגען און ערמונטערען זיי פאר וואטערדיגע טעטיגקייט.

די נוארק דיסטריקט קאמיטע האט געהאט א מאס־מיטינג און קאנצערט דעם 8טען דעצעמבער. פריינד באסקין, דזשענעראל סעקרעטער, האט זיי אדרעסירט, און די קאמיטע ערווארטעט, אז דער מיטינג וועט ברענגען גוטע רעזולטאטען אין הינזיכט פון מעמבערשיפ קאמפיין. אין דעם קאנצערט האבען זיך באטייליגט בלויז ארבייטער רינג קרעפטע. די נוארק דיסטריקט קאמיטע וועט יעצט אראנזשירען עהנליכע מיטינגען און קאנצערטען אין איניגע שטעדט פון זייער דיסטריקט, און זיי האפען זיכער צוצושטעלען זייער „קוואטא" אין דעם מעמבערשיפ קאמפיין.

די פילאדעלפיא דיסטריקט קאמיטע ה[illegible] אויסגעארבייט פאלגענדען פראגראם פאר דעם מעמבערשיפ קאמפיין:

1) צו רופען א קאנפערענץ פון אלע ארטיגע ברענטש בעאמטע.

2) ארויסצושיקען א בריעף צו אלע פארהייראטע מיטגליעדער און אפעלירען אריינצונעהמען זייערע פרויען אין א. ר.

3) ארויסצושיקען ספעציעלע בריעף צו אלע געשטראכענע מעמבערס.

4) צו אראנזשירען מאס־מיטינגען און קאנצערטען פאר דעם צוועק פון קאמפיין פראפאגאנדא.

5) צו שיקען פארטרעטער אין די שטעדטלעך פון זייער דיסטריקט און זעהן, אז די ברענטשעס זאלען דארט צוציהען נייע מעמבערס.

די פילאדעלפיא דיסטריקט קאמיטע פארשפרעכט אויך צוצושטעלען זייער „קוואטא". אין דעם קאמפיין פאר 70,000 מיטגליעדער. אין פילאדעלפיא האט דער א. ר. א ברייט פעלד פאר טעטיגקייט, און ס'איז קיין ספק ניט, אז ווען די דיסטריקט קאמיטע זאל זיך נאר אביסעל אנשטרענגען, וועלען זיי קענען צייגען גלענצענדע רעזולטאטען.

די מאנטרעאל (קענעדע) סיטי קאמיטע האלט אין גרינדען א נייעם ברענטש אויף דעם נאמען פון קארל מארקס. זיי האבען געשריבען, אז זיי דענקען אראנזשירען א טשארטער־פעסט אין מאנאט יאנואר און געבעטען, אז מען זאל שיקען צו זיי דאמאלס א פארטרעטער. מען האט זיי געענטפערט, אז זיי זאלען ווארטען מיט'ן טשארטער־פעסט, ביז מיר וועלען קריגען דעם טשארטער אין יענער פראווינץ.

אין א געוויסען ברענטש אין ניו דזשוירסי קומען פאר סכסוכים שוין א לענגערע צייט. די נאצ. ארגאניזאציאנס קאמיטע האט עטליכע מאל געשיקט אהין פארטרעטער. לעצטענס זיינען דארט געווען פריינד גערשאנאף און ער (דינערשטיין). אזוי־ווי דער סכסוך גרופירט זיך ארום דריי טיכטיגע טוער, האט די נאצ. ארגאניזאציאנס קאמיטע באשלאסען צו שרייבען צו די דריי מיטגליעדער, אז זיי זאלען זיך צוריקציהען פון טעטיגקייט פאר א געוויסע צייט, נאר אויב זיי וועלען זיך ניט אויפפיהרען אויף א פאסענדען אופן, וועט מען זיי מאכען אלס מעמבערס עט לארדזש.

ברענטש 58, איסטאן, פא., האט די לעצטע צייט אין גאנצען ניט אפגעהאלטען קיין מיטינגען. זיי האבען זאגאר ניט געהאט קיין סעקרעטער און דער טשערמאן האט געמוזט טראגען אויף זיך די גאנצע פאראנטווארטליכקייט פון ברענטש. פר. פייטעלמאן, דירעקטאר פון פענסילוועניא, איז אהין געשיקט געווארען. נאכהער איז אויך געווען דארט פארטראטען פר. גערשאנאף, וועלכער האט געווירקט אויף א געוויסען מעמבער אנצונעהמען צייטווייליג אלס סעקרעטער, ביז עס וועט געשאפען ווערען אן אנדערער. אין איסטאן זיינען דא ארום 300 אידישע פאמיליעס, און ווען מיר זאלען דארט האבען עטליכע טעטיגע מעמבערס, וואלט דער ברענטש געקענט וואקסען.

ראטשעסטער און פיטסבורג פארלאנגען, אז מען זאל שיקען צו זיי א פארטרעטער, אום צו סטימולירען די ארבייט פון מעמבערשיפ קאמפיין. די נאצ. ארג. קאמיטע פארהאנדעלט וועגען שיקען א פארטרעטער אין קליוולאנד און דענקט דארום צו פארבינדען די דריי שטעדט צוזאמען.

אזוי־ווי פר. אב. עפשטיין איז געווען אויף א קורצען טור, ארראנזשירט פון דער נאצ. ארג. קאמיטע, האט די לעצטע גרופען א מיטינג פון די טשערלייט פון די דעפארטמענט קאמיטעס און זיי געבעטען אפצולעגען דעם מיטינג פון דער נאצ. עקזעקוטיוו ביז עפשטיין וועט צוריקקומען. די טשערלייט האבען דאס באוויליגט. דער ערשטער מאנאטליכער מיטינג פון דער עקזעקוטיוו איז דארום געווען

מאָנטאג, דעם 9טען דעצעמבער, אנשטאט זונטאג, דעם 8טען, ווי ס'איז פריהער באשטימט געוועז.

דער ראפּאָרט פון דער אָרג. קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

## ראפּאָרט פון דער בענעפיט קאָמיטע.

פריינד ל. ראטהמאן, טשערמאן פון דער קאָמיטע, באריכטעט, אַז ס'קומען נאָך אריין מאַסען סערטיפיקייטס פון דער עפּידעמיע אויף אינפלוענציא. ניט קוקענדיג דארויף וואָס אין סיק בענעפיט דעפּארטמענט ארבייטען יעצט מיט צוויי מענשען מעהר, ווי געוועהנליך, ניט קוקענדיג דארויף, וואָס לעצטענס ארבייט דער גאַנצער דעפּארטמענט „אָווערטאַים", איז דאָך דער סיק־בענעפיט דעפּארטמענט הינטערשטעליג אויף אונגעפעהר צוויי וואָכען, אַ זאַך וואָס האָט ניט פּאַסירט פאַר די לעצטע עטליכע יאָהר.

ביז דעם 1טען דעצעמבער איז אויסגעצאָהלט געוואָרען אַרום 45,000 דאלאר קראַנקען בענעפיט, און פאַר דעם גאַנצען קוואַרטאל וועט ווארשיינליך אויסגעצאָהלט ווערען אַרום 80,000 דאלאר. געוועהנליך פלעגט אויסגעצאָהלט ווערען אַרום 34,000 דאלאר קראַנקען־בענעפיט אַ קוואַרטאל.

צוליעב דער מאַסע סערטיפיקייטס, וואָס קומט אַריין, איז אונמעגליך, אַז פר. געליעבטער אָדער באַסקין זאָלען זיי אונטערזוכען און אונטערשרייבען. ס'איז דארום באשלאָסען געוואָרען, אַז די מיטגליעדער פון דער בענעפיט קאָמיטע זאָלען אַרויסהעלפען אין דער ארבייט פון אונטערזוכען און אונטערשרייבען די סערטיפיקייטס.

ער ערקלערט, אַז אַ געוויסער ברענטש האָט אַריינגעשיקט אַ סערטיפיקייט פאַר אַ וואָך בענעפיט פון דעם 18טען ביז דעם 26טען אָקטאָבער. דער סערטיפיקייט איז געוועז פינקטליך אויסגעפילט פון דאָקטאָר און אונטערשריבען פון קאָמיטעס, אַז זיי האָבען איהם באַזוכט דעם 20טען, 22טען און 24טען אָקטאָבער. די רעקאָרדס אָבער האָבען געצייגט, אַז דער באטרעפענדער איז געשטאָרבען דעם 19טען אָקטאָבער. די בענעפיט קאָמיטע האָט באשלאָסען צו שרייבען צום ברענטש אַ שטרענגען בריעף און טאַדלען זיי פאַר אַזאַ אונפאַרזיכטיגע באציהונג צו קראַנקען בענעפיט.

פר. ראטהמאן גיט איבער, אַז פיעלע ברענטשעס אין ניו יאָרק זיינען שטאַרק אונצופריעדען דערמיט, וואָס די דאָקטוירים האָבען ניט אַטענדעט צו די קראַנקע אין דער צייט פון דער עפּידעמיע. אַזוי־ווי די ברענטש דאָקטוירים ווערען אָנגעשטעלט פון די ברענטשעס, ניט פון דער בענעפיט קאָמיטע, קען די לעצטע ניט נעהמען קיין שטעלונג געגען זיי. ס'איז אָבער באשלאָסען געוואָרען, אַז אויב ברענטשעס אַליין וועלען רופען אַ קאָנפערענץ וועגען איינפיהרען דיסטריקט דאָקטוירים, וועט די בענעפיט קאָמיטע אונטערשטיצען אַזאַ באוועגונג מיט וואָס זי וועט נאָר זיין אימשטאַנד.

באריכט פון דער בענעפיט קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

## ראפּאָרט פון דער גריוועגס קאָמיטע.

פר. וויינבלאַט, טשערמאן פון דער קאָמיטע, באריכטעט, אַז אַ געוויסער מעמבער האָט אַפּעלירט געגען ברענטש פאַר באשטראָפען איהם מיט 50 דאלאר פאַר אַרבייטען אין צייט פון אַ בעקער־סטרייק. דער אַפּעלאַנט האָט ערקלערט, אַז ער איז ניט קיין בעקער, נאָר אַ דרייווער און האָט ניט געטון קיין ארבייט פון קיין סטרייקער. דער סטרייק איז געוועז אין אַ קאָרפּאָריישאַן שאַפּ, וואו ער איז איינער פון די שעהר־האָלדערס. ער האָט אָנגעדייטעט, אַז אַ מעמבער פון אַ צווייטען ברענטש האָט געאַרבייט אין דער צייט פון סטרייק אין אַן עהנליכען שאַפּ און דער ברענטש האָט איהם געפונען ניט שולדיג. פאָרטרעטער פון ברענטש האָבען ערקלערט, אַז דער באטרעפענדער האָט זיך ענטזאָגט אַרונטערצוגעהן אויף דעם גרונד וואָס ער איז אַ באָס. ווען דער אָנגעקלאָגטער איז צום עקזעקוטיוו מיטינג ניט געקומען, האָבען זיי באשלאָסען איהם געבען נאָך צוויי טעג צייט צו קומען צו אַ תירונג. אין צוויי טעג אַרום איז דער סטרייק געשליכטעט געוואָרען. דער ברענטש איז געוועזען מיט דער מיינונג, אַז דער באטרעפענדער איז ניט נאָכגעקומען די פּרינציפּען פון אַרבייטער רינג און מען האָט איהם דאַן באשטראָפט. ביי דער תירונג פון דער נאַצ. גריוועגס קאָמיטע האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז ער איז באשטראָפט געוואָרען ביי אַ מיטינג, וואו ער איז געוועזען אבוועזענד און אַז דער ברענטש האָט איהם ניט געלאָזט וויסען, דאָס זיין קייס וועט דאַן פאַרהאַנדעלט ווערען.

די גריוועגס' קאָמיטע האָט בעשלאָסען, אַז דער ברענטש זאָל וועגען דער אנגעלעגענהייט נאָך אַמאָל האַנדלען, לויט אונזער קאָנסטיטושאן.

באריכט ווערט גוטגעהייסען.

## ראפּאָרט פון דער אָפּיס קאָמיטע.

פריינד דייווידאָף באריכטעט, אַז אין אוידיטינג דעפּאַרטמענט זיינען אַריינגעקומען 119 פערטיל־יעהרליכע רעפּאָרטס פון ברענטשעס. די אָפּיס קאָמיטע האָט באשלאָסען צו־מאַכען געוויסע ענדערונגען אין די נייע פערטיל־יעהרליכע ראפּאָרט בלענקס וואָס דאַרפען געדרוקט ווערען, אום צו מאַכען לייכטער פאַר די סעקרעטערע זיי אויסצופילען. די ביכער פון די ברענטשעס וועלען אָבער ווייטער געפאָדערט ווערען אין אָפּיס צו אונטערזוכען.

ס'איז באשטימט געוואָרען צו זעהן צוזאַמען מיט'ן ליגאל אַדווייזער אויסצואַרבייטען אַ פאָרם פון אַ דרעפט פאַר אויסצאָהלען טויטען בענעפיט צו די יורשים דורך די ברענטשעס, אום צו פאַרשפאָרען די בענעפישערים צו־קומען פערזענליך אין אָפּיס פאַר די טשעקס.

אין אָפּיס איז געקויפט געוואָרען אַן אַמעריקאַנער פלעג פאַר $50.

אַ געוויסער ברענטש האָט אָנגעפרעגט, ווי זיי זאָלען האַנדלען וועגען זייערען אַ מעמבער, וועלכער איז אַ קאַפּטיין אין דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. די אָפּיס קאָמיטע האָט געענטפערט דעם ברענטש, אַז זיי קענען האַנדלען לויט קאָנסטיטושאן.

אין אַ געוויסען ברענטש איז אַ מעמבער קראַנק געוואָרען אויף אַן ערענסטע האַרץ־קראַנקהייט פּונקט צו די דריי מאָנאַטען, וואָס ער איז אַ מעמבער אין אַ. ר. ס'איז באשלאָסען געוואָרען געבען דעם באטרעפענדען אַ צווייטע דאָקטאָר אונטערזוכונג, אום אויסצוגעפינען, אויב ער לוידעט פון אַ כראָנישער קראַנקהייט און צי ער איז מיט דיזער קראַנקהייט אַריינגעקומען אין אַרבייטער רינג.

אין דער צייט פון דער עפּידעמיע האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז פאַרשטאָרבענע מעמבערס פרויען און פאַמיליעס זיינען געבליבען הילפלאָז צוליעב דעם וואָס די מענער האָבען פאַרנאַכלעסיגט צו ענדערען די בענעפישערים, ווען זיי האָבען געהייראַטה. ס'איז באשלאָסען געוואָרען צו ציהען דערצו די אויפמערקזאַמקייט פון די ברענטש סעקרעטערע, אַז זיי זאָלען דערמאָנען זייערע מעמבערס, וועלכע האָבען התונה, צו ענדערען זייערע בענעפישערים.

עס הויבען אָן אַריינקומען ראַפּאָרטס פון ברענטשעס וועגען מעמבערס וואָס זיינען צוריקגעקומען פון דער אַרמעע.

דער קאַרנעגיע פאַונדיישאן איז באוויליגט געוואָרען צו אַדרעסען פון אונזערע ברענטשעס, מיט וועלכע זיי ווילען זיך באַנוצען אין פאַרבינדונג מיט „אַמעריקאַניזיישאן אַרבייט".

אַ געוויסער ברענטש האָט פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל צוריקווייזען אַ מעמבער און זיין פרוי, ווייל זיי זיינען ניט פּאַסענד פאַר'ן אַ. ר. די אָפּיס קאָמיטע האָט פאַרלאַנגט פון ברענטש אָנצוגעבען גענוי פאַר וואָס זיי זיינען ניט פּאַסענד.

אַ געוועזענער מעמבער פון ברענטש 156 האָט זיך באַקלאָגט, אַז דער ברענטש ענטזאָגט זיך איהם צו רעאינסטייטען (ער איז געוועזען געשטראָכען מעהר ווי זעקס וואָכען און דער ברענטש האָט איהם ניט געוואָלט רעאינסטייטען צוליעב זיין שלעכטער רעפּוטאַציע). ס'איז באשטימט געוואָרען איהם ענטפערען, אַז דער ברענטש האָט געהאַט אַ רעכט אַזוי צו האַנדלען, לויט אונזער קאָנסטיטושאן.

אַ געוויסער מעמבער עט לאַרדזש איז געשטראָכען געוואָרען אין מערץ 1918. ער איז נאָכהער גע'הרג'עט געוואָרען אין דער מלחמה אין סעפּטעמבער 1918. געדרעפּטעט איז ער געוואָרען אין סעפּטעמבער 1917. דער ברודער פון פאַרשטאָרבענעם האָט זיך געווענדעט, אַז מען זאָל פאַר איהם אויסצאָהלען בענעפיט אויף דעם גרונד וואָס ער איז געשטראָכען געוואָרען דאַן, ווען ער איז געוועזען געדרעפּטעט. די רעקאָרדס אין אָפּיס צייגען, אַז ווען ער איז געשטראָכען געוואָרען איז ער שוין דאמאָלס שולדיג געוועזען פאַר צוויי קוואַרטאַלען דיוס, און דער טעקס צו דעקען די דיוס פון די געדרעפּטעטע איז איינגעפיהרט געוואָרען אין אַפּריל 1918. די אָפּיס קאָמיטע רעקאָמענדירט די טויטען בענעפיט אויסצוצאָהלען.

די אָפּיס קאָמיטע רעקאָמענדירט, אַז פון מאָנאַט אַפּריל זאָל אַרונטערגענומען ווערען 10 סענט טעקס אויף צו דעקען די דיוס פון די געדרעפּטעטע מעמבערס. עס זאָל אָבער בלייבען דאָס רעכט פון דער עקזעקוטיוו אָנצוהאַלטען ווייטער דעם טעקס, אויב עס וועט זיין נויטיג.

---

עס ווערט באשלאָסען די טויטען בענעפיט פאַר דעם געשטראָכענעם מעמבער עט לאַרדזש ניט אויסצוצאָהלען.

---

ס'ווערט באשטימט צו לאָזען אָפען די פראַגע וועגען אָפּשאַפען דעם 10 סענט טעקס אויף צו דעקען די דיוס פון די געדרעפּטעטע.

דער ראפּאָרטס פון דער אָפּיס קאָמיטע ווערט דאַן גוטגעהייסען.

## ראפּאָרט פון דער עדיוקיישאַנאל קאָמיטע.

פריינד יעלין באריכטעט, אַז פריינד צבירן איז געשיקט געוואָרען אין באַלטימאָר, וואו ער האָט גערעדט וועגען אידישע אַ. ר. שולען.

ס'איז באוויליגט געוואָרען פאַר'ן אַרבייטער רינג אָרקעסטער אַ העלפט פון די אויסגאַבען וואָס עס דאַרפען קאָסטען נאָטען פון אַ „טרויער מאַרש".

מאַקס דזשייקאָבס, געוועזענער דיריגענט פון אָרקעסטער, וועלכער איז געוועזען געדרעפּטעט, איז ווידער אָנגעשטעלט געוואָרען אַלס קאָנדאַקטאָר פון אָרקעסטער.

עס זיינען געדרוקט געוואָרען פינף נאָטען־בלעטער מיט אַרבייטער און פאָלקס ליעדער, וועלכע וועלען פיעל העלפען די פאַרשיעדענע כאָרען, וואָס זיינען לעצטענס אָרגאַניזירט געוואָרען איבער'ן לאַנד. דער פּרייז פון יעדען נאָטען־בלאַט איז 15 סענט.

גענ. סלייטאָן פון פּיטסבורג האָט זיך געווענדעט, אַז מען זאָל קויפען איינינע שעהרס פון אַ „מואָווינג פּיקטשור פּילם", וואָס וועט פאָרשטעלען דעם קלאַסען־קאַמף. די עדיוקיישאַנאל קאָמיטע האָט באַשלאָסען דאָס איבערגעבען צו דער נאַצ. עקזעקוטיוו.

ס'איז באשלאָסען געוואָרען צו אַראַנזשירען שפּאַציערונגען אין מוזעאומס; דאָס איז איבערגעגעבען געוואָרען צו דער ניו יאָרק סיטי עדיוקיישאַנאל קאָמיטע.

פאַר דער נעקסטער אויסגאַבע ווערען צוגעגרייט פאָלגענדע ביכער: די דריטע טיילען פון פּיזיאָלאָגיע פון דר. מעריסאָן, פּאָליטישע עקאָ־

נאָמיע פון א. ש. זאַקס און געאָלאָגיע פון דר. קאַספע. אַ בוך איבער זאָאָלאָגיע פון צביון, כעמיע פון ס. פ. פיינשטיין, אַריטמעטיק פון ה. בורגין.

עקספּימיינטס ווערען יעצט גענומען פאַר דרוקען דעם „פריינד“ און די ביכער.

אַרענדזשמענטס ווערען געמאַכט איבערצונעהמען אַלע פריהערדיגע ביכער ביי דר. פאַרנבערג און די גאַנצע עקספּעדיציאָנס אַרבייט זאָל געמאַכט ווערען פון אָפיס.

די סיטי עדיוק. קאָמיטע וועט אָרגאַניזירען איינליימונגען, פאַרלעזונגען און־קאָנצערטען פאַר די נויאָרק בראַנטשעס. אַ העלפט אויסגאַבען פון אַ רייהע אַזעלכע אונטערנעהמונגען וועט געדעקט ווערען פון דער סיטי עדיוקיישאָנאל קאָמיטע, אום דאַדורך אויפצולעבען די בראַנטשעס.

די ניו יאָרק סיטי עדיוקיישאָנאל קאָמיטע קלויבט זיך צו נעהמען אַ הויז פאַר אַן אַרבייטער רינג פאַרוויילונגס־צענטער — דאָרט זאָלען זיין די קלוב־רומס פון די „פרייע אידישע פאָלקס ביהנע“, אַ. ר. אָרקעסטער, אַ. ר. כאָר א. ד. ג.

כדי אַוועקצושטעלען די סיסטעם פון מיילינג דעפּאַרטמענט אויף אַ בעסערען אופן, איז באַשטימט געוואָרען אָנצושטעלען אויף אַ קורצער צייט צוויי עקסטרא מענשען, וואָס זאָלען אָפּטשעקען די אַדרעסען פון אַלע מעמבערס און אַרויסוואַרפען פון מיילינג ליסט די געשטראָכענע און געשטאָרבענע מיטגליעדער.

ס׳איז באַשלאָסען געוואָרען אַרויסצושיקען פריינד א. ש. זאַקס אויף אַ לעקטשור־טור, וואָס זאָל דויערען 12—10 וואָכען.

די פּאַראייניגטע אַרבייטער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע, אין וועלכער מיר זיינען אָנגעשלאָסען, אַרבייט יעצט אויס גרויסע פּלענער פאַר דעם קומענדען סיזאָן. עס וועלען געעפענט ווערען לעקטשור פאָרומס און קאָנצערטען אין דריי טיילען פון גרייטער ניו יאָרק. באַזונדער וועלען געעפענט ווערען דריי אַרבייטער אוניווערזיטעטען, וואו עס וועלען געגעבען ווערען קורסען איבער פּאָליטישע עקאָנאָמיע, געשיכטע פון עקאָנאָמישער ענטוויקלונג פון אַמעריקא, רעקאָנסטראַקשאָן א. ד. ג. עס וועלען זיין העכערע קלאַסען אין ענגליש, אויך קלאַסען אין ענגליש פאַר אָנפאַנגער. פריינדע צביון און געליעבטער זיינען פאַרבראַכען אין דער עקזעקוטיוו פון דער פאַראייניגטער אַרבייטער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע.

---

עס ווערט באַשטימט קיין שעהרס פון דער מואווינג פּיקטשור פילם ניט צו קויפען.

נאָך דעם ווי עס ווערען געשטעלט אייניגע פראַגען ווערט דער ראַפּאָרט גוטגעהייסען.

* * *

פריינד פערלאַוויץ לאַדעט איין די עקזעקוטיוו צו שיקען אַ פאַרטרעטער צום מיטינג פון בראַנטש 280, זונטאַג דעם 12טען יאַנואַר. באַשלאָסען האַנדלען וועגען דעם ביים נעקסטען מאָנאַטליכען מיטינג.

---

דער רעגולער מאָנאַטליכער מיטינג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע פון אַרבייטער רינג ווערט ערעפענט זונטאַג, דעם 5טען יאַנואַר, אום 10.30 אוהר פריה, פון טשערמאַן, פריינד אב. עפּשטיין.

צושריפטען.

פון בר. 53 — לאַדען איין צו שיקען אַ פאַרטרעטער צו זייער 15טען יעהרליכען יובילעאום. באַשלאָסען אָננעהמען די איינלאַדונג.— ערוועהלט אַלס פאַרטרעטער פריינד י. א. סילווערמאַן.

פון בר. 600 — שיקען צו טיקעטס צו זייער יעהרליכען באַל און בעטען אַלע מיטגליעדער פון דער עקזעקוטיוו צו זיין אַנוועזענד.— באַשלאָסען אָננעהמען די איינלאַדונג מיט דאַנק.

פון נייטשוראַליזיישאָן אייד ליעג — מעלדען אַז זייער 10טער יעהרליכער קאָנווענשאַן וועט אָפּגעהאַלטען ווערען זונטאַג, דעם 26טען יאַנואַר, און בעטען צו שיקען צוויי דעלעגאַטען. ערוועהלט פריינדע צוקער און סילווערמאַן.

פון דער נייטשאָנאל באָאַרד אוו דירעקטאָרס — בעטען צו באַוויליגען די אויסגאַבען פאַר פר. טויטעלמאַן, דירעקטאָר פון פּענסילווייניא, צו פאָהרען אין פּיטסבורג אָפּגעבען אַ באַריכט פון דעם צוזאַמענפאָהר פון די נייטשאָנאל באָאַרד אוו דירעקטאָרס. — באַשלאָסען איבערגעבען צו דער אָפּיס קאָמיטע.

פון ניו יאָרק פּראָטווירנאל קאָנגרעס — בעטען צו שיקען אַ פאַרטרעטער צום צוזאַמענפאָהר פון פּראָטווירנאל אָרגאַניזאַציאָנען אין אַלבאַני, דעם 21טען יאַנואַר. — באַשלאָסען זיי שיקען דעם טשעק פאַר אונזער מעמבערשיפּ אין פּראָטווירנאל קאָנגרעס און קיין פאַרטרעטער ניט שיקען.

פון בר. 212, נאָרפאָלק, ווירדזשיניא, — ערקלערען, אַז זייער 10טער יעהרליכער יובילעאום, וואָס איז צוליעב דער עפּידעמיע אָפּגעלייגט געוואָרען, וועט געפייערט ווערען דעם 12טען יאַנואַר. בעטען צו שיקען אַ קאָמיטע. — באַשלאָסען איבערגעבען צו דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע מיט דער פאַרשטענדניס, אַז אַ פאַרטרעטער זאָל געשיקט ווערען.

פון דער פילאַדעלפיא דיסט. קאָמיטע — פרעגען ווי צו האַנדלען וועגען די 35 דאָלאַר, וואָס דאַרף אויסגעצאָהלט ווערען צו איינעם, וואָס האָט געאַרבייט אין דער „עמורדזשענסי קאָמיטע“ אין דער צייט פון דער עפּידעמיע (די עמורדזשענסי קאָמיטע איז געווען צוזאַמענ־

געשטעלט פון פאַרטרעטער פון פאַרשיעדענע אָרגאַניזאַציאָנען, ניט בלויז פון אַ. ר.). ביי זיי זיינען דאָ מיינונגס־פאַרשיעדענהייטען צי דאָס זאָל אויסגעצאָהלט ווערען פון אַ. ר. פאָנד, אָדער ניט. — באַשלאָסען דאָס איבערגעבען צו דער נאַצ. גריוועַנס קאָמיטע.

* * *

דער טשערמאַן שטעלט פאָר פריינד מ. פּערעלשטיין, וועלכער איז צוגעצויגען געוואָרען צו דער עקזעקוטיוו אויפ׳ן פּלאַץ פון פריינד זאַריצקי, וועלכער האָט ר׳עזיגנירט.

* * *

עס ווערט באַשלאָסען צו שיקען 5 דעלעגאַטען צום אידישען אַרבייטער קאָנגרעס, ד. ה. די פולע צאָהל, צו וועלכער די נאַצ. עקזעקוטיוו איז באַרעכטיגט. ס׳ווערען ערוועהלט פריינדע אב. עפּשטיין, ה. בורגין, מ. פּערלאַוויץ, וואָלבערג און י. א. סילווערמאַן.

י. באַסקין און פ. געליעבטער ווערען ווידער ערוועהלט אַלס סעקרעטערע.

פריינד י. באַסקין און פ. געליעבטער ווערען ווידער ערוועהלט צו זייערע עמטער, דער ערשטער אַלס דזשענעראל סעקרעטער און דער צווייטער אַלס רעקאָרדינג סעקרעטער.

## ראַפּאָרט פון קאָנווענשאַן קאָמיטע.

פריינד דייווידאָף, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז די קאָמיטע האָט געמיטעט און ערוועהלט פר. וואָלאָס אַלס סעק. און איהם (דייווידאָף) אַלס טשערמאַן. ס׳איז באַשלאָסען געוואָרען, דאָס די קאָנווענשאַן זאָל ערעפענט ווערען זונטאַג, דעם 14טען מאַי.

די עקסטרא אויסגאַבען פאַר דער ערעפנונג פון קאָנווענשאַן זאָל געדעקט ווערען פון אָפיס.

זיי ווילען זיך שטעלען אין פאַרבינדונג מיט דער קאָנווענשאַן קאָמיטע פון דעטראָיט, אום צו זעהן, אַז די קאָנווענשאַן זאָל זיין אַן אמת יום־טוב׳דיגע, שוין צוליעב דעם אַליין וואָס זי וועט אָפּגעהאַלטען ווערען אין אַ סטייט, וואו מיר זיינען דיזען יאָהר געוואָרען געטשאַרטערט. אַזוי־ווי פריינד עפּשטיין איז געשיקט געוואָרען פון דער נאַצ. אָרג. קאָמיטע אין דעטראָיט, איז בעאויפטראַגט געוואָרען זיך דורכצורעדען דאָרט מיט דער אָרטיגער קאָנווענשאַן קאָמיטע.

פר. עפּשטיי־ן ערקלערט, אַז אין דעטראָיט גרייטען זיי זיך צו מאַכען די היי־יאָהריגע קאָנווענשאַן אַן אויסערגעוועהנליכע. אַלע מעמבערס פון דעטראָיט האָבען זיך געטעקסט צו צוויי דאָלאַר. זיי פּלאַנעווען צו מאַכען שעהנע סאָווענירס פאַר די דעלעגאַטען. די ערעפנונג פון קאָנווענשאַן וועט זיין אין איינעם פון די גרעסטע האָלס אין דעטראָיט. די רעגולערע זיצונגען וועלען אָפּגעהאַלטען ווערען אין זייער נייעם לייבאָר ליסעאום, וועלכעס איז אַ פּראַכטפולע געביידע.

באַריכט פון קאָנווענשאַן קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

## באַריכט פון לעגאַל קאָמיטע.

פריינד פריימאַן, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז מיר האָבען לעצטענס געקראָגען טשאַרטערס אין דער פּראָווינץ מאָניטאָבא (קענעדע) און אין סטייט יוטהא.

מיטגליעדער פון דער לעגאַל קאָמיטע האָבען געהאַט אַ קאָנפערענץ מיט אונזער עקטשוערי, מר. עלדרידזש, און זיך דורכגערעדט וועגען ווייטערדיגער לעגאַליטעט אַרבייט. ביי דער קאָנפערענץ איז אויך אַנוועזענד געווען אונזער לעגאַל אַדווייזער, מאיר לאָנדאָן.

ראַפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

## ראַפּאָרט פון אידישען קאָנגרעס.

פריינד י. וויינבערג באַריכטעט פון אידישען קאָנגרעס, וואו ער איז געווען אַלס דעלעגאַט פון דער נאַצ. עקזעק. ער זאָגט, אַז נאָך דעם ווי די צייטונגען האָבען איבערגעגעבען גענויע באַריכטען וועגען אידישען קאָנגרעס קען זיין ראַפּאָרט ניט האָבען דעם ווערטה, וואָס ער וואָלט געהאַט פריהער.

פר. וויינבערג ערקלערט, אַז ווען ער וואָלט געוואוסט אַז דער אידישער קאָנגרעס וועט געהן לינקס, אנשטאַט ווי אַלע האָבען געדענקט, אַז ער וועט געהן רעכטס, וואָלט ער פון אָנפאַנג אָן געווען פאַר׳ן אידישען קאָנגרעס.

די הויפּט אויפגאַבע פון אידישען קאָנגרעס איז געווען צו קומען צו דער וועלט און צו דער פריעדענס־קאָנפערענץ מיט אַ פאָדערונג פון דעם גאַנצען אידענטום און ניט פון באַזונדערע פּאַרטייען און באַזונדערע שיכטען פון פאָלק. און די אויפגאַבע איז פון קאָנגרעס אין אַ גרויסער מאָס ערפילט געוואָרען.

די אַרבייטער דעלעגאַציע, ניט אַכטענדיג דאַרויף וואָס זי איז געווען קליין אין צאָהל, האָט דאָך געהאַט אַ שטאַרקען איינפלוס, אויב ניט אין דער עפענטליכקייט אויפ׳ן פלאָר פון קאָנווענשאַן, איז אין די קאָמיטעס.

פאַקטיש האָבען די סאָציאַליסטען און נאַציאָנאַליסטישע עלעמענטען געזיעגט איבער׳ן קאָנגרעס און זייערע אנשויאונגען זיינען אין די הויפּט פראַגען אָנגענומען געוואָרען. די פאָדערונג פון בירגערליכע און נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטיגונג פאַר אידען איז געווען אַ זיעג פאַר׳ן ראַדיקאַלען עלעמענט.

דער קאָנגרעס איז געווען טאָלעראַנט און פריינדליך צו דער אַרבייטער דעלעגאַציע. כמעט אַלע מיטגליעדער פון דער אַרבייטער־גרופּע זיינען געווען אין פאַרשיעדענע קאָמיטעס און מאַנכע פון זיי האָבען געהאַט אַ גאַנץ היבשען איינפלוס אויף דער אַרבייט פון זייערע קאָמיטעס. אַזוי, צום ביישפּיעל, איז פר. גוסקין געווען אין דער

דיסטריביושאן קאמיטע, פר. צביון אין דער קאמיטע פאר רומענישע אנגעלעגענהייטען א. ד. ג.

איידער די קאמיטעס פון קאנגרעס האבען ראפארטעט, האט דער טשערמאן געגעבען דאס ווארט צו פארטרעטער פון פארשידענע שטרעמונגען. צווישען זיי האט אויך געב. ווינטשעווסקי געקראגען דאס ווארט. פר. ווייננבערג איז מיט דער מיינונג, דאס געב. ווענטשעווסקי האט גאר ניט געזאגט אזעלכעס, וואס זאל דיסקרעדיטירען אונזערע אנשויאונגען און ס'איז ניטא קיין אורזאך צו זיין אויפגערעגט געגען זיין ארויסטרעטונג.

פריינד ווייננבערג זאגט, אז דאס באטייליגען זיך אין דעם אידישען קאנגרעס האט דער ארבייטערשאפט פון אמעריקא געגעבען מעהר פרעסטיזש, ווי ווען זיי וואלטען זיך ניט באטייליגט.

פריינד זאלצמאן פרעגט צי די ארבייטער דעלעגאציע בײ'ם אידישען קאנגרעס האט באשלאסען, אז איהרער א פארטרעטער זאל זיין אין דער קאמיסיע, וואס ווערט געשיקט צום פריעדענס־קאנפערענץ.

פר. ווייננבערג ענטפערט, אז יא.

נאך דעם ווי עס ווערען געשטעלט נאך אייניגע פראגען ווערט דער ראפארט גוטגעהייסען.

* * *

פריינד עפשטיין באריכטעט, אז די קאנפערענץ, וואס איז אפגעהאלטען געווארען שבת אבענד, דעם 4טען ד. מ., צו ערוועהלען דעלעגאטען צום אידישען ארבייטער קאנגרעס, איז ניט געווען שטארק באזוכט, אבער דאך איז זי געווען גאנץ ערפאלגרייך. ס'זיינען ערוועהלט געווארען 54 דעלעגאטען און ס'איז אויפ'ן פלאץ איינגעצאהלט געווארען 174 דאלאר. מאנכע ברענטשעס וועלען שפעטער צושיקען די איינצאהלונגען פאר זייערע דעלעגאטען.

באריכט ווערט גוטגעהייסען.

## קאמיטעס.

דר. קלימענקא און דר. מעריסאן פרעגען ביי דער עקזעקוטיוו, וואס ס'איז געווארען פון דעם פלאן זיך אנצושליסען אלס מעמבערס פון אייניגע ניו יארק האספיטאלס. זיי זאגען, אז די ארבייטער־ארגאניזאציאנען דארפען זיך באטייליגען אין די אלגעמיינע געזעלשאפטליכע אינסטיטושאנס, אום צו קענען האבען א ווארט אין דער טעטיגקייט פון יענע אנשטאלטען. דער א. ר. דארף זיין דער ערשטער זיך אין אזא ארבייט צו באטייליגען.

דער טשערמאן ערקלערט דער קאמיטע, אז די סומע וואס איז באוויליגט געווארען פון קאנווענשאן איז צו קליין און די נאצ. עקזעקוטיוו האט דארום זיך צוריקגעהאלטען פון אננעהמען א באשלוס צו שטעלען זיך אין פארבינדונג מיט דעם אדער יענעם האספיטאל.

נאך א קורצער דעבאטע ווערט באשטימט זיך אנצושליסען אן בית ישראל האספיטאל און באוויליגען פאר זיי 500 דאלאר.

פון בר. 201 — לאדען איין דריי פארטרעטער צו זייער 10טען יעהרליכען יובילעאום, דעם 18טען יאנואר. באשלאסען אננעהמען די איינלאדונג.

פון בר. 149 — ערקלערען, אז זיי האבען אן אייגענע סעמעטערי, צו וועלכער עס באלאנגען בלויז 110 מעמבערס. צוליעב דעם קומען ארויס מיספארשטענדניסע, און זיי ווילען, אז אויך די 110 מעמבערס זאלען זיך אנשליסען אן סעמעטערי דעפארטמענט. זיי האבען געוואלט פארקויפען זייער סעמעטערי צום סעמעטערי דעפארטמענט, אבער דער לעצטער וויל ניט געבען מעהר ווי 480 דאלאר, אין דער צייט, ווען זיי האבען מיט עטליכע יאהר צוריק אליין באצאהלט פאר דער סעמעטערי ארום 700 דאלאר. זיי ווילען דארום די סעמעטערי ניט פארקויפען, נאר מען זאל אריינעהמען די 110 מיטגליעדער אין סעמעטערי דעפארטמענט. דער ברענטש איז וויליג נאכצוקומען אלע באדינגונגען לויט די ביי־לאאס פון סעמעטערי דעפארטמענט. די לעצטע ענטזאגט זיך די מעמבערס אריינצונעהמען און זיי בעטען די נאצ. עקזעקוטיוו זאל זיי ראטהען, וואס צו טון.

דער טשערמאן ערקלערט דער קאמיטע, אז דער סעמעטערי דעפארטמענט שטעהט ניט אונטער דער אויפזיכט פון דער עקזעקוטיוו, אבער דאך וועט די עקזעקוטיוו זיך דורכרעדען וועגען דעם מיט דער סעמעטערי דעפארטמענט קאמיטע. — אלס פארטרעטער צו דעם סעמעטערי דעפארטמענט ווערען ערוועהלט פריינדע גוסקין און פערלאוויץ.

פון בר. 410 — וועגען זייערען א מעמבער, וועלכער איז געדרעפטעט געווארען, אבער אויף דער ליסט פון די געדרעפטעטע האט דער אפיס זיי ניט קרעדיטירט מיט זיין דיוס. — דער טשערמאן ערקלערט, אז זיי דארפען זיך ווענדען וועגען דעם צו דער אפיס קאמיטע.

* * *

פר. עפשטיין ערקלערט, אז די רעליעף קאמיטע האט ניט געמויטעט. אבער ס'קומען אן זעהר גוטע באריכטען פון די ברענטשעס איבערן לאנד און מען קען ערווארטען, אז די 25.000 דאלאר וועלען זיכער געשאפען ווערען. די סאניטאריום קאמיטע מאכט אויף פארברייטונגען וועגען דער רעליעף ארבייט אין פארבינדונג מיט דער פייערונג פ'ון דעם סאניטאריום־טאג.

## סעקרעטער'ס ראפארט.

פריינד געליעבטער ערקלערט, אז פר. באסקין איז קראנק אויף אינפלוענציא די גאנצע וואך און ער טוט דערוויל זיין ארבייט. פר. געליעבטער גיט איבער פאלגענדען ראפארט:

דער ארבייטער רינג פאנגט אן דעם יאהר 1919 מיט א גלענצענדען רעקארד, ניט קוקענדיג דערויף וואס ער האט אויסצושטעהן די שווערע קלעפ פון דער עפידעמיע און פון דעם דרעפט.

דער קראנקען בענעפיט פאנד האט צום 1טען יאנואר געהאט א סורפלוס פון ארום 13,000 דאלאר. אין פארלויף פון די ערשטע דריי קווארטאלען פון 1918 איז אויסגעצאהלט געווארען 115,644 דאלאר קראנקען בענעפיט. אין דעם לעצטען 73טען קווארטאל איז אויסגעצאהלט געווארען 100,071 דאלאר. סך הכל איז אויסגעצאהלט געווארען קראנקען בענעפיט אין פארלויף פון גאנצען יאהר 215,715 דאלאר. אין 1917 איז אויסגעצאהלט געווארען 161,421 דאלאר קראנקען בענעפיט. דאס הייסט, אז אין 1918 איז אויסגעצאהלט געווארן מיט 54,284 דאלאר מעהר ווי אין 1817.

טויטען פעלע איז אין די ערשטע דריי קווארטאלען פון 1918 געווען 154, דעם לעצטען 73טען קווארטאל איז געווען 280 טויטען־פעלע. די ערשטע דריי קווארטאלען איז אויסגעצאהלט געווארען 43,500 דאלאר טויטען בענעפיט און דעם לעצטען 73טען קווארטאל האט מען אויסגעצאהלט טויטען בענעפיט 71,100 דאלאר. אין 1918 איז אויסגעצאהלט געווארען 114,600 דאלאר טויטען בענעפיט, אין 1917 איז אויסגעצאהלט געווארען (פאר 186 טויטען פעלע) 54,500 דאלאר. דאך האט צום 1טען יאנואר 1919 דער מארטשוערי פאנד געהאט א סורפלוס פון ארום 51,000 דאלאר.

פאר דעם רעליעף פאנד איז צום 1טען יאנואר 1919 געווען אין אפיס $6,998.55. אזוי־ווי דער קאמפיין פאר'ן רעליעף פאנד האט זיך פאקטיש ערשט אנגעפאנגען, זיינען דא אלע אויסזיכטען, אז די 25 טויזענד דאל. וועלען געשאפען ווערען.

דער סאניטאריום אויפהאלטונגס פאנד האט צום 1טען יאנואר 1919 געהאט א דעפיציט פון ארום 7,700 דאלאר, אבער דער סאניטאריום בילדינג פאנד האט געהאט א סורפלוס פון אונגעפעהר $15.000.

דער אדמיניסטריישן פאנד האט צום 1טען יאנואר 1919 געהאט א סורפלוס פון 4,900 דאלאר.

דער קאנסאמפשאן בענעפיט פאנד האט צום 1טען יאנואר 1919 געהאט א סורפלוס פון ארום 45,000 דאלאר.

דער „פריינד“ פאנד האט צום אנפאנג יאהר געהאט א סורפלוס פון ארום 2,800 דאלאר. נאר פון דעם וועט ארונטערגעהן א געוויסע סומע, וואס מען דארף אויסצאהלען פאר פאפיער פאר'ן „פריינד“. (די בילס זיינען נאך ניט אנגעקומען און די סומע קען דארום ניט אנגעגעבען ווערען).

דער ארגאניזאציאנס פאנד האט צום 1טען יאנואר געהאט א דעפיציט פון ארום 5—4 דאלאר.

דער קאנווענשאן פאנד האט צום 1טען יאנואר געהאט א סורפלוס פון ארום 5,000 דאלאר. דיוס פאר דעם קאנווענשאן פאנד ביז'ן קאנווענשאן וועט אריינקומען ארום 8—7 טויזענד דאלאר, רעכנענדיג, אז די קומענדע קאנווענשאן וועט קאסטען ארום 20—18 טויזענד דאלאר, וועט דער פאנד נאכ'ן קאנווענשאן בלייבען מיט א דעפיציט פון ארום 8—6 טויזענד דאלאר.

דער עדיוקיישאנאל פאנד האט צום 1טען יאנואר געהאט א דעפיציט פון ארום 1,000 דאלאר.

נעקסטע וואך וועלען ארויסגעשיקט ווערען צו די ברענטשעס נאמינײשאן בלײנקס פאר דעלעגאטען צום קאנווענשאן.

פר. געליעבטער מאכט אויפמערקזאם, אז מען דארף ערוועהלען א קאמיטע אויסצואַרבייטען די קאנווענשאן טעריטאריען קאנפערענצען, אויך א קאמיטע אויסצואַרבייטען רעקאמענדיישאנס צום קאנווענשאן.

דער מעדיסאן סקווער גארדען מיטינג צו פראטעסטירען געגען פוילישע פאגראמען האט געקאסט 108 דאלאר יעדע ארגאניזאציאן וואס האט זיך באטייליגט אין דער אונטערנעהמונג.

אין פארלויף פון יאהר 1918, זייט ס'איז איינגעפיהרט געווארען פראטוירנאל רייטס, איז דער א. ר. געווארען געטשארטערט אין 14 סטייטס און אין איין פראווינץ אין קענעדע, אויסער די 10 סטייטס, אין וועלכע ער איז פריהער געווען געזעצליך. זאגאר מיט דער ארבייט אליין פאר דעם פארגאנגענעם יאהר מעג דער ארבייטער רינג זיך גראטולירען.

די מיטגליעדערשאפט איז צו ענדע פון 72טען קווארטאל געווען 62,338. אין 73טען קווארטאל זיינען אריינגעקומען 2018 נייע מעמבערס. די נעטע צאהל פון געשטראכענע אין 73טען קווארטאל איז 783. אבער צום 1טען יאנואר זיינען אין אפיס געווען ארום 1600 אפליקיישאנס פון נייע מיטגליעדער. דאס הייסט, אז די מעמבערשיפ איז צום 1טען יאנואר געווען ארום 65,173.

פר. געליעבטער באמערקט, אז די ביכער פאר 1918 זיינען נאך ניט געשלאסען און ס'קען זיין א געוויסער אונטערשיעד אין מאנכע פון די אנגעגעבענע ציפערען. קיין גרויסע ענדערונג קען יעדענפאלס ניט זיין.

---

עס ווערט באשלאסען איבערגעבען צו דער נאצ. ארג. קאמיטע אויסצואַרבייטען די קאנווענשאן טעריטאריען קאנפערענצען.

עס ווערט באשטימט, אז די אלגעמיינע קאנווענשאן רעקאמענדיישאן קאמיטע זאל באשטעהן פון איין פארטרעטער פון יעדער קאמיטע, און די קאמיטעס זאלען ביי זייערע נעקסטע מיטינגען אזעלכע ערוועהלען.

---

דעם סעקרעטער'ס ראפארט ווערט דאן גוטגעהייסען.

* * *

ס'ווערט באשלאסען צו שיקען א בוקעט בלומען צו פריינד באסקין.

## ראפּאָרט פון דער בענעפיט קאָמיטע.

פריינד ל. ראָטהמאַן, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באריכטעט, אַז דער בר. 494 האָט צוגעשיקט אַ סטייטמענט פון אַ קעמפּ האָספּיטאל, דאָס זייערער אַ מעמבער איז געווען קראַנק. אין דעם סטייטמענט איז אָבער ניט אָנגעגעבען געוואָרען דער כאַראַקטער פון זיין קראַנק־הייט, ווי דאָס ווערט געפאָדערט. די בענעפיט קאָמיטע האָט באשלאָסען אַז דער מעמבער זאָל אַליין אָנגעבען די קראַנקהייט, וועט דער בענע־פיט דאַן אויסגעצאָהלט ווערען.

בר. 467 האָט פאַרלאַנגט פאַר זייערען אַ מעמבער פאַר 2 וואָכען בענעפיט, אין אַ סטייטמענט, ערקלערענדיג אַז דער באטרעפענדער איז געוועזן קראַנק אויף אינפלוענציא און האָט קיין דאָקטאָר ניט געקראָגען, נאָר איז אַטענדעט געוואָרען פון דאָקטאָר וואָס איז געשיקט געוואָרען פון דזשענעראל אָפיס. די רעקאָרדס האָבען געצייגט, אַז ער איז גע־וואָרען אַטענדעט פון אָפיס דאָקטאָר און נוירס אין פאַרלויף פון איניגע טעג. עס איז באשלאָסען געוואָרען איהם אויסצוצאָהלען פאַר אַ וואָך בענעפיט, אָננעהמענדיג די אָפיס רעקאָרדס אַלס אַן אָפיציעלען סטייטמענט.

אַ מעמבער פון אַ געוויסען ברענטש האָט זיך באקלאָגט, דאָס דער אָפיס האָט צוריקגעוויזען זיין בענעפיט, ווייל ער איז געווען געשטראָ־כען אין דער צייט פון דער קראַנקהייט. ער האָט אָנגעדייטעט, אַז ער האָט יאַ איינגעצאָהלט אין צייט, נאָר דער ברענטש האָט איהם צו שפּעט רעאינסטייטעט. אַרויסרופענדיג דעם סעקרעטער פון ברענטש מיט די רעקאָרדס ביכער, האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז דער באטרעפענדער האָט איינגעצאָהלט זיין דיוס דעם 23טען אויגוסט. אין אָפיס איז ער געווען געשטראָכען פון דעם 6טען סעפּטעמבער ביז דעם 7טען אָק־טאָבער, און בענעפיט האָט ער געמאָהנט פון דעם 3טען ביז דעם 9טען אָקטאָבער. עס איז באשלאָסען געוואָרען ענטפערען דעם ברענטש און דעם מעמבער, אַז לויט אונזערע רעקאָרדס קען דער אָפיס די בענעפיט ניט אויסצאָהלען, נאָר דער ברענטש דאַרף זיין פאַראַנטוואָרטליך פאַר ניט ריאינסטייטען איהם אין צייט נאָכדעם ווי ער האָט איינגעצאָהלט זיין דיוס.

פריינד ראָטהמאַן ערקלערט, אַז די סיק בענעפיט דעפּאַרטמענט איז יעצט היגטערשטעליג בלויז אויף איניגע טעג, און וועט קירצליך זיין אַפּ טו דייט.

ער דייטעט אָן, אַז צוליעב דער עפּידעמיע האָבען פיעלע סעקרע־טערע און האָספּיטעלער זיך צוגעוואוינט צו פאַרנאַכלעסיגען צו שיקען קאָמיטעס צו די קראַנקע. הונדערטע סערטיפיקייטס ווערען ניט ריכ־טיג אויסגעפילט, אָבוואָהל ניט קיין אינפלוענציע קייסעס, און סיי דער אָפיס, סיי די ברענטשעס, האָבען פיעל עקסטרא אַרבייט פון צו־רוקשיקען איינער דעם אַנדערען סערטיפיקייטס. ספּעציעלע בריעף ווייַען אַרויסגעשיקט ווערען צו די ברענטשעס צו ציהען זייער אויפ־מערקזאַמקייט, אַז זיי זאָלען זיין מעהר פּינקטליך אין דער פראַגע וועגען בענעפיט און זעהן אַז סערטיפיקייטס זאָלען אין דער צוקונפט ריכטיג אויסגעפילט ווערען.

די קאָמיטע וועט אין גיכען האָבען אַ דזשאָינט מיטינג מיט דער מעדיקאל אדווייזאָרי באָארד צו באטראַכטען פּלענער וועגען לערנען פרויען און טעכטער פון אַ. ר. מעמבערס אַלס נוירסעס, אין פאַל די עפּידעמיע וועט זיך נאָך אַמאָל באווייזען.

נאָך דעם ווי עס ווערען געשטעלט איניגע פראַגען ווערט דער ראַפּאָרט גוטגעהייסען.

## ראַפּאָרט פון דער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע.

פריינד זאַלצמאַן, וויס־טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באריכטעט, אַז די פּעטערסאָן אַרבייטער רינג שולע, וועלכע איז אַוועקגעשטעלט געוואָ־רען אויף אַ מאָדערנעם אופן, האָט זיך געווענדעט מען זאָל זיי שטי־צען, אום זיי זאָלען ווייטער קענען עקזיסטירען. די עדיוקיישאָנאל קאָמיטע האָט באוויליגט פאַר זיי 50 דאָלאר. אין פּעטערסאָן האָט זיך אויך געגרינדעט אַן אַרבייטער רינג כאָר. די עדיוקיישאָנאל קאָ־מיטע האָט זיי געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט דעם סעקרעטער פון אַ. ר. כאָר אין ניו יאָרק.

די האַרלעם אַרבייטער רינג שולע, וועלכע איז געווען די ערשטע שולע געגרינדעט אונטער דער אויפזיכט פון דער עדיוקיישאָנאל קאָ־מיטע, האָט אַרום 250 קינדער, און ווען עס וואָלט געווען מעהר פּלאַץ, וואָלטען זיך זיכער פאַרשריבען נאָך אַמאָל אַזוי פיעל.

פאַרצוג ווערט דאָרט געגעבען די קינדער פון אַרבייטער רינג מעמ־בערס, און מיטגליעדער פון אַרבייטער רינג באטראַכטען יעצט די שולע אַלס אַ סאָרט עדיוקיישאָנאל בענעפיט, וועלכע איז איינגעפיהרט גע־וואָרען פון דער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע. אין דער שולע זיינען איינ־געפיהרט געוואָרען די נייעסטע מעטאָדען, די צימערען זיינען איינגע־אָרדענט אויפ'ן לעצטען מאָדערנעם אופן, אַזוי דאָס די האַרלעמער שולע קען ווירקליך דיענען אַלס אַ מאָדעל פאַר אַלע שולען וואָס ווערען יעצט געגרינדעט און וועלען נאָכהער געגרינדעט ווערען. צו דער ער־עפנונג האָט די האַרלעמער שול קאָמיטע אַראַנזשירט אַ באַנקעט, ביי וועלכען זיי האָבען קאָלעקטירט 118 דאָלאר פאַר דער שולע. די האַר־לעמער שולע האָט אַרום 400 דאָלאר הוצאות אַ מאָנאַט און איינקונפט אַרום 200 דאָל., זייער דעפיציט וועט טיילווייז געדעקט ווערען פון דעם בודזשעט פון דער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע און טיילווייז פון אונטער־נעהמונגען, וואָס וועלען געמאַכט ווערען פון דער שול קאָמיטע און פון דעם עלטערען פאַראיין. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט לעצטענס באַ־וויליגט נאָך 100 דאָלאר פאַר דער אידישער אַרבייטער רינג שול אין האַרלעם.

די קאָמיטע פאַרהאַנדלט יעצט די פראַגע וועגען אַרויסגעבען אַ סעריע קינדער־ביכלאך פאַר די אַ. ר. שולען און בכלל פאַר אַנדערע קינדער שולען איבער'ן גאַנצען לאַנד.

די מאַשין אין „פריינד“ דעפּאַרטמענט, אויף וועלכען עס ווערען צוגעגרייט די אַדרעסען, איז קאַליע געוואָרען. אַ נייע מאַשין איז געאָרדערט געוואָרען, אָבער זי וועט ערשט צוגעשיקט ווערען ניט פריהער ווי אין אַ מאָנאַט אַרום. אין פאַרלויף פון דער צייט וועלען די אַדרעסען פון נייע מעמבערס ניט קענען געמאַכט ווערען, און אויך וועט מען ניט קענען צוגרייטען די קאָרעקשאָנס וואָס קומען אַריין כמעט יעדען טאָג.

די „פרייע אידישע פאָלקס־ביהנע“, ברענטש 555, האָט געהאַט אַן ערפאָלגרייכע פאָרשטעלונג, אַראַנזשירט צוזאַמען מיט דעם ס. פּ. בר. 3, בראָנקס. דער ערפאָלג איז געווען אַזוי גרויס, דאָס בר. 3 ס. פּ. האָט באשלאָסען צו אַראַנזשירען מיט זיי נאָך איניגע פאָרשטעלונגען.

אַזוי ווי די אידישע אַרבייטער רינג שולען, וואָס ווערען אָרגאַני־זירט אין ניו יאָרק און איבער'ן גאַנצען לאַנד, שטעהען אונטער דער אויפזיכט פון דער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע, איז באשלאָסען געוואָרען צו רעקאָמענדירען צו דער עקזעקוטיוו, אַז דער פאָנד פאַר די שולען זאָל אין גאַנצען זיין אונטער דער אויפזיכט פון דער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע, און ווען די קאָמיטע באוויליגט אַ געוויסע סומע פון דעם פאָנד פאַר אירגענד וועלכער שולע, זאָל מען ניט דאַרפען וואַרטען פאַר אַ באשטעטיגונג ביז צום מאָנאַטליכען מיטינג פון דער עקזעקוטיוו קאָמיטע. די אידישע אַרבייטער רינג שולע אין וויליאַמסבורג האָט 105 קינדער. אַלעס ווערט דאָרט געפיהרט אויף דעם אופן פון דער האַרלעמער שולע, און עס זיינען דאָ זעהר גוטע אויסזיכטען אַז די שולע וועט זיין אַן ערפאָלג.

דער אַרבייטער רינג מאַכט פאָרבעריטונגען זיך צו אָרגאַני־זירען אַלס ברענטש פון אַרבייטער רינג. דאָס וואָלט זיי געמאַכט נאָך נעהענטער צו דער נאַציאָנאַלער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע, און זיי אַליין וואָלטען געפיהלט מעהר פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר דער גאַנצער אַרבייט און פאַר זייער ווייטערדיגער עקזיסטענץ.

באריכט ווערט גוטגעהייסען.

## ראַפּאָרט פון דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע.

פריינד דינערשטיין, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באריכטעט, אַז אין וואַשינגטאָן האָט בר. 334 זיך פאַראייניגט מיט בר. 92. זיי האָבען דאָס געטאָן אום צו קענען אָנפיהרען אַ מעהר אינטענסיווען מעמבערשיפּ קאַמפּיין און צו זיין זיכער מיט זייער אַלגעמיינער אַרבייט, וואָס ווערט פון צייט צו צייט אונטערנומען.

די שאָו קאַרדס, וואָס זיינען געדרוקט געוואָרען, ווערען בסדר אַרויסגעשיקט צו די דיסטריקט קאָמיטעס. דער אינדיווידועלער בריעף צו די מעמבערס איז פאַנאַנדערגעשיקט געוואָרען צו די סעקרעטערע פון די ברענטשעס און וועט אין גיכען גרייכען די גאַנצע מעמבערשיפּ, אום זיי צו דערמאָנען וועגען אונזער קאַמפּיין פאַר 70 טויזענד מעמבערס.

דער לייבאָר ליעג האָט פאַרלאַנגט אַז מען זאָל שיקען צו זיי אַ פאַרטרעטער אין מאָלדען פאַר דעם 5טען יאַנואַר, צו דעם מאַס־מיטינג, וואָס זיי האָבען אַראַנזשירט. אין מאָלדען וועט אויך אָפּגעהאַלטען ווערען די נעקסטע קאָנווענשאָן פון לייבאָר ליעג, און זיי מאַכען פאָרבעריטונגען פאַר דער קאָנווענשאָן. פריינד גוסקין איז ערוועהלט געוואָרען צו זיין דאָרט פאַרטראָטען, אָבער צוליעב דעם היינטיגען מיטינג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע, וועלכען פריינד גוסקין האָט ניט געוואָלט פאַרפעהלען, האָט מען געמוזט שרייבען צום לייבאָר ליעג, אַז עס וועט אונמעגליך זיין פאַר אימיצען צו זיין דאַמאָלס פאַרטראָטען.

בר. 198, האָבאָקען, האָט אַראַנזשירט אַ מיטינג פאַר דעם 8טען דעצעמבער. פר. ה. זאַק איז געווען דאָרט פאַרטראָטען און אַדרעסירט דעם מיטינג. די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט באַדאַנקט פר. זאַק פאַר זיין אַרבייט.

אַ געוויסע סאָסייעטי האָט זיך געהאַלטען אין אָנשליסען אַלס אַ ברענטש מיט עטליכע מאָנאַטען צוריק. 13 מיטגליעדער זיינען אונ־טערזוכט געוואָרען פון דאָקטאָר און די איבריגע קאַנדידאַטען איז אונמעגליך געווען צו קריגען צו אַן עקזאַמינייִשאַן. ווען די נויטיגע צאָהל קאַנדידאַטען זיינען נאָכהער גרייט געווען אונטערזוכט צו ווערען, איז שוין פאַראיבער די צייט וואָס ווערט ערלויבט צו האַלטען אַפּלי־קיישאָנס אין אָפיס, איידער די קאַנדידאַטען ווערען אָפיציעל אָנגע־שלאָסען אָן אַרבייטער רינג. אויף אַזאַ אופן האָבען די ערשטע 13 קאַנדידאַטען ווייטער געדאַרפט עקזאַמינירט ווערען פון דאָקטאָר. די סאָסייעטי האָט דאָס אָנפאַנגס ניט געוואָלט, אָבער די נאַצ. אָרגאַניזאַ־ציאָנס קאָמיטע האָט זיי ערקלערט, אַז לויט אונזער קאָנסטיטושאַן איז ניטאָ קיין אַנדער אויסוועג און זיי מוזען אַ צווייטען מאָל דורכגעהן אַ דאָקטאָר עקזאַמינייִשאַן.

אין מעין סטייט ווערט אַראַנזשירט אויף דעם 26טען, 27טען און 28טען יאַנואַר מאַסען־פאַרזאַמלונגען אין איניגע שטעדט צו פייערן דעם טשאַרטער־פעסט. דיזע מיטינגען ווערען אַראַנזשירט דורך דאָרטיגער דיסטריקט קאָמיטע, וועלכע גלויבט אַז דער טשאַרטער־פעסט וועט קענען אויסגענוצט ווערען פאַר גוטע פראָפּאַגאַנדא פאַר דעם אַ. ר.

די ניו יאָרק סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט אָנגעפרעגט צי זיי קענען ערוועהלען 2 דעלעגאַטען צו דער נאַציאָנאַלער אַרבייטער קאָמיטע. עס איז באשלאָסען געוואָרען זייער פאַרלאַנג צו באוויליגען, מיט דער פאַרשטענדניס, אַז אויב דאָס וועט זיין פאַרבונדען מיט געוויסע אויסגאַבען, וועלען מיר וועגען דעם שפּעטער האַנדלען.

אין לייקוואוד, ווי מען האָט אונז ראַפּאָרטעט, איז דאָ פּלאַץ פאַר

אַן אַרבייטער רינג ברענטש. מיר האָבען זיך יעצט געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט איניגע פּערזאָנען, וועלכע זיינען וויליג צו אַרבייטען אום אַ ברענטש צו אָרגאַניזירען.

פריינד אב. עפּשטיין איז געווען פאַרטראַטען אין באַלטימאָר, דעטראָיט, שיקאַגאָ, מילוואָקי און טאָלידאָ. אין באַלטימאָר האָט ער אַדרעסירט אַ מיטינג פון ביידע אַפּ־טאון ברענטשעס. דיזע ברענטשעס זיינען יעצט אין פריינדליכע באַציהונגען און דענקען זאָגאַר צו ערוועהלען אַ געמיינשאַפטליכע אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע צו אַרבייטען פאַר דעם מעמבערשיפּ קאמפּיין. דעם דזשאָינט מיטינג האָט ער אַדרעסירט שבת, זונטאג בייטאָג האָט ער געהאַט אַ קאָנפערענץ מיט פאַרטרעטער פון אַלע אָרטיגע ברענטשעס. אויפ'ן טאַגעס־אָרדנונג איז געווען: 1) מעמבערשיפּ קאמפּיין, 2) רעליעף אַרבייט, 3 אידישע אַרבייטער רינג שולען. עס איז ערוועהלט געוואָרען אַ ספּעציעלע קאָמיטע צו באַזוכען יוניאָנס און אַנדערע אָרגאַניזאַציאָנען, צו אַגיטירען צווישען זיי וועגען אָנשליסען זיך אָן אַרבייטער רינג. אין אָוועגד האָט ער אַדרעסירט אַ מאַס־מיטינג, וואו עס האָט אויך גערעדט פריינד צביון. דער לעצטער איז געשיקט געוואָרען פון דער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע צו רעדען וועגען אידישע קינדער־שולען. פריינד עפּשטיין האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַלגעמיינע אָרגאַניזאַציאָנס־פראַגען. באַלטימאָר, וועלכע האָט זיך פאַר די לעצטע עטליכע יאָהר אויסגעצייכענט אין יעדער טעטיגקייט וואָס איז אונטערנומען געוואָרען פון דער עקזעקוטיוו קאָמיטע, וועט זיכער דיזען יאָהר ניט בלייבען הינטערשטעליג.

אין טאָלידאָ איז ער געווען שבת דעם 7טען דעצעמבער. ער האָט געהאַט דאָרט אַ שעהנעם מיטינג, און מען האָט איהם געגעבען זעהר אַ וואַרימע אויפנאַהמע. מען האָט איהם פּרעזענטירט מיט אַ בוקעט בלומען, וועלכע איז נאָכהער געראַפעלט געוואָרען פאַר דעם לייבאָר ליסעאום, וואָס זיי האַלטען אין גרינדען.

אין טאָלידאָ איז דאָ אַ גאַנץ גוטער פעלד פאַר אַרבייטער רינג טעטיגקייט, און אויב די טיכטיגע אָרטיגע טוער וועלען זיך נור נעהמען ענערגיש צו דער אַרבייט, וועלען זיי זיכער זיין ערפאָלגרייך.

אין שיקאַגאָ איז ער געווען דיענסטאג אָבענד ביי דער סיטי סענטראַל קאָמיטע און זיך דורכגערעדט מיט זיי וועגען מעמבערשיפּ און רעליעף קאמפּיין. מיטוואָך אָבענד האָט ער דאָרט אַדרעסירט אַ גרויסען מאַס־מיטינג און קאָנצערט, וואו עס האָט געהערשט אַ זעהר פריינדליכע שטימונג. דאָנערשטאג אָבענד האָט ער געהאַט אַ דזשאָינט מיטינג פון די אָרטיגע ברענטשעס. צוליעב דעם פאָריגען מאַס־מיטינג איז דער דזשאָינט באָארד מיטינג ניט געווען אַזוי גוט באַזוכט. ער האָט זיך אָבער מיט זיי דורכגערעדט וועגען וויכטיגע אָרגאַניזאַציאָנס־פראַגען. שיקאַגאָ האָט אַן אומגעהויער פעלד פאַר טעטיגקייט, און וואָלטען מיר געהאַט דאָרט איניגע טוערס, וואָלט דער אַרבייטער רינג דאָרט געקענט וואַקסען דאָפּעלט אין מעמבערשיפּ.

פרייטאג אָבענד איז ער געווען אין מידוואוד און אַדרעסירט ביי זיי אַ מיטינג. עס זיינען דאָרט דאָ אַרום 200 אידישע פאַמיליעס, און דער ברענטש האָט אַרום 100 מעמבערס.

אין מילוואָקי איז ער געווען זונטאג. לויט די באַריכטען פון די ברענטשעס, איז צוליעב דער עפּידעמיע קיין סך אַרבייט דאָרט ניט געטאָן געוואָרען. די סיטי קאָמיטע פאַרשפּרעכט צו טאָן גוטע אַרבייט. אין אָוונד האָט ער אַדרעסירט אַן אונטערנעהמונג, אַראַנזשירט מיט דעם אָרטיגען כאָר, אָרקעסטער און דראַמאַטישען קלאָב. דיזע דריי אינסטיטוציאָנס ווערען אויפגעהאַלטען פון די אַרבייטער רינג ברענטשעס, צוזאַמען מיט דעם ס. פ. ברענטש. זיי קלייבען דאָרט אַ פאָנד פאַר אַ לייבאָר ליסעאום.

אין דעטראָיט איז ער געווען דאָנערשטאג. זיי האָבען געהאַט אַ באַנקעט צו פייערען דעם פריעדען און די דייטשע רעוואָלוציאָן און אויך דעם טשאַרטער־פּעסט. זיי קלייבען געלד פאַר זייער לייבאָר ליסעאום, וואָס עס וועט קאָסטען אַרום 100,000 דאָלאַר. אויף זיין אַפּיעל איז געשאַפען געוואָרען 1200 דאָלאַר פאַר דעם לייבאָר ליסעאום. שבת אָבענד האָט ער געהאַט אַ קאָנפערענץ מיט די אַלטע טוער פון אַרבייטער רינג און זיך דורכגערעדט וועגען מעמבערשיפּ און רעליעף קאמפּיין, אָבוואָהל די אַרבייטערשאַפט פון דעטראָיט ערוואַרט יעצט אַ שטיקעל קריזיס, דאָך קען מען זיין זיכער, אַז דעטראָיט וועט דיעזען יאָהר טאָן גוטע אַרבייט. זיי האָבען געטעקסט יעדען אָרטיגען מעמבער מיט 2 דאָלאַר פאַר'ן קאָנווענשאַן, און פּלענער ווערען אויסגעאַרבייט, אַז די קומענדע אַרבייטער רינג קאָנווענשאַן אין דעטראָיט זאָל זיין אַזוי פּראַכטפול, דאָס סיי די דעלעגאַטען, סיי די געסט זאָלען דאָס געדענקען פאַר אַ לאַנגע צייט.

די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע גלויבט, אַז דיזער קורצער טור וועט ברענגען גוטע רעזולטאַטען, ווייל אַ פאַרטרעטער פון דער עקזעקוטיוו ברענגט אַריין אַ נייעם גייסט און מעהר מוט פאַר ווייטערדיגע אַרבייט.

ער (דינערשטיין) איז געווען פאַרטראַטען אין האָבאָקען דעם 8טען דעצ. ביי דעם מיטינג וואָס איז געווען גערופען צו פייערען דעם פריעדען און די דייטשע רעוואָלוציאָן. ער האָט דאָרט אויך גערעדט וועגען אַרבייטער רינג. די מיטגליעדער האָבען באַדאַנקט דער עקזעקוטיווע פאַר שיקען צו זיי אַ פאַרטרעטער. זונטאג דעם 15טען דעצעמבער איז ער געווען אין וואַשינגטאָן, ווען ביידע ברענטשעס האָבען זיך פאַראייניגט. ער האָט גערעדט וועגען מעמבערשיפּ קאמפּיין און וועגען רעליעף. זיי האָבען קאָלעקטירט 51 דאָלאַר פאָר דעם פאַרטיידיגונגס פאָנד פאַר מוני, און דער ברענטש אַליין האָט בייגעשטייערט באַזונדער 25 דאָלאַר. אויב די אינפלוענציא וועט זיך דאָרט ווייטער ניט פאַרשפּרייטען, — ווייל עס צייגען זיך דאָרט לעצטענס ווייטער סימנים פון דער עפּידעמיע, — וועלען זיי זיכער טאָן גוטע אַרבייט סיי פאַר דעם מעמבערשיפּקאַמפּיין, סיי פאַר דעם רעליעף קאמפּיין.

אַ געמיינשאַפטליכער מיטינג מיט דער ניו יאָרק סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען דעם 16טען דעצעמבער. מען האָט זיך דורכגערעדט/וועגען דער ווייטערדיגער אַרבייט פאַר דעם מעמבערשיפּ קאמפּיין און פאַר דעם רעליעף. מאַנכע מיטגליעדער פון דער סיטי קאָמיטע האָבען אָנגעדייטעט, אַז בלויז די גרויסע ברענטשעס פיהרען אָן קאמפּיינס, אָבער די קלענערע ברענטשעס באַטייליגען זיך ניט אין דער אַרבייט. די סיטי קאָמיטע האָט פאַרשפּראָכען צו זעהן אָנצווענדען אַלע מיטלען אום אויפצולעבען דעם גייסט פון קאמפּיין־אַרבייט צווישען די קלענערע ברענטשעס. די ניו יאָרק סיטי קאָמיטע שטעהט אין פאַרבינדונג מיט איניגע סאָסייטיס און פאַראיינען, וועלכע פאַרהאַנדלען די פראַגע וועגען אָנשליסען זיך אָן דעם אַרבייטער רינג. אין אַלגעמיין צייגט זיך אַרויס די ניו יאָרק אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע סיי אויף דעם געביעט פון דעם מעמבערשיפּ קאמפּיין, סיי אין רעליעף אַרבייט צו זיין זעהר טעטיג.

„שאַפּיראָגראַפס" וועלען געגעבען ווערען צו די ברענטשעס וואָס וועלען אַריינגעהמען 25 אָדער מעהר מיטגליעדער. זיי וועלען קאָסטען צו 12 דאָלאַר אַ שטיק, נאָר אויב מיר וועלען אָרדערען עטליכע דאָזען, וועלען זיי אונז קאָסטען צו 8 דאָלאַר אַ שטיק.

פריינד עפּשטיין האָט אַדרעסירט אַ מאַס־מיטינג פון בר. 610. דער ברענטש פיהרט אָן אַ טיכטיגען קאמפּיין פאַר נייע מעמבערס און זיי זיינען גאַנץ ערפאָלגרייך אין זייער אַרבייט.

פריינד גערשאָנאָף איז געווען פאַרטראַטען אין האַרטפאָרד, שבת דעם 21טען דעצעמבער, און זיך דורכגערעדט וועגען דעם מעמבערשיפּ קאמפּיין און וועגען רעליעף. מען האָט איהם איבערגעגעבען אַז אין צייט פון דער עפּידעמיע האָבען זיך די דאָרטיגע מעמבערס געטעקסט צו 5 דאָלאַר פאַר רעליעף און זיי דענקען אַז דאַרום וועט זיין אַביסעל שווער צו שאַפען געלד פאַר דעם 25 טויזענד דאָלאַר פאָנד. זיי האָבען אָבער פאַרשפּראָכען צו טאָן אַלעס וואָס עס וועט זיין מעגליך אונטער די אומשטענדען.

זונטאג, דעם 22טען דעצעמבער, איז ער געווען פאַרטראַטען ביי בר. 612, פּוטנעם, קאָנג., וואו עס איז פאָרגעקומען אַ סכסוך וועגען אַ געוויסען מעמבער. די מיטגליעדער זיינען איבערגעגעבען מיט דעם גאַנצען האַרצען דעם אַרבייטער רינג, אַן פריינד גערשאָנאָף איז מיט דער מיינונג, אַז אויב דער באַטרעפענדער זאָל באַזייטיגט ווערען פון דעם ברענטש, וועט אַלעס געשליכטעט ווערען. עס איז דאַרום בעשלאָסען געוואָרען דיזען מיטגליעד צו מאַכען אַלס אַ מעמבער עט לאַרדזש. זיי האָבען פאַרשפּראָכען צו שאַפען 200 דאָלאַר פאַר דעם 25 טויזענד דאָלאַר פאָנד.

בר. 600 האָט זיך געשטעלט אַלס ציעל צו קריגען ביז'ן קאָנווענשאַן 150 נייע מעמבערס. זיי האָבען שוין אַריינגענומען 84 און האָבען עטליכע און צוואַנציג פאָרגעשלאָגענע קאַנדידאַטען. זיי ווילען זיין דער ערשטער ברענטש, וואָס וועט קריגען דעם שאַפּיראָגראַף, וואָס ווערט געגעבען אַלס אַנערקענונג פון דער עקזעקוטיוו צו יעדען בר., וועלכער נעהמט אַריין 25 אָדער מעהר נייע מעמבערס.

באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

## ראַפּאָרט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע.

פריינד גוסקין, טשערמאַן פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע, באַריכטעט, אַז די באָפאַלער ברענטשעס האָבען דורך זייער סיטי קאָמיטע צוגעשיקט אַ זייגער פאַר'ן סאַניטאַריום. אַ דאַנק־בריעף איז צו זיי געשיקט געוואָרען.

אין דער 2טען "לענ־טו", אין סעלער, האַלט ניט די פּלעסטערינג, מען וועט וואַרשיינליך דאַרפען מאַכען נייע פּלעסטערינג.

דר. ראָזענבערג איז געקומען צו אַ פאַרשטענדניס מיט פאַרמער ניקעלסאָן, וועלכער שטעלט צו מילך צום סאַניטאַריום, אַז ער זאָל קריגען 8 און אַ האַלב סענט אַ קוואָרט מילך, אנשטאַט 9 סענט, ווי ער האָט פאַרלאַנגט. פון טשיקען רענטש קומט יעצט אַריין אַרום 17 אָדער 18 דאָזען אייער אַ טאָג. פאַר פּאַציענטען וואָס פלעגען אַריינגענומען ווערען אויף פּראָבעישאַן, וואָס האָבען זיך אַרויסגעצייגט צו זיין ניט טובערקולאָר, פלעגט דער סאַניטאַריום פאָנד ניט קרעדיטירט ווערען פאַר דער צייט פון זייער זיין אין סאַניטאַריום. מ'האָט בעאויפטראַגט דעם אָפיס יאָ צו קרעדיטירען דעם סאַניטאַריום פאָנד אין אַזעלכע פעלע.

אין דער 3טען „לענ־טו" האָט דער באָילער געפּלאַצט און מען האָט די „לענ־טו" פאַרמאַכט און געעפענט די 4טע „לענ־טו". די שאַוער־באַטהס אין דער 4טען „לענ־טו" זיינע זאָפען און מען וועט זיי דאַרפען פיקסען.

אין דער ערשטער „לענ־טו" האָט געפּלאַצט דער סילינג און מען וועט איהם דעקען וואַרשיינליך מיט מעטאַל.

דער שטעקען פאַר'ן אַמעריקאַנער פלעג איז פאַרטיג און דער פלעג וועט אין גיכען אָוועקגעשטעלט ווערען אויף די גראַונדס.

די קאָמיטע האָט לעצטענס פאַרהאַנדעלט די פראַגע ווי צו שפּאָרען עלעקטריציטעט אין סאַניטאַריום. עס איז באַשטימט געוואָרען אַז אין די פּלעצער, וואו עס מוזען ביינאַכט זיין ליכטיג, זאָלען אנשטאַט די גרויסע לאָמפּען אַריינגעשטעלט ווערען איבער נאַכט קלענערע לעמפּלאַך.

די נייע מייטראָן האָט אַביסעל טראָבעל מיט די העלפּ. דאָס איז וואַרשיינליך צוליעב דעם, וואָס זי האָט איינגעפיהרט אַ בעסערען קאָנטראָל איבער פאַרשיעדענע פּראָדוקטען. די קאָמיטע האָט ערקלערט די

אנגעשטעלטע פון סאניטאריום, אז זיי זאלען איהר ניט שטערען אין איהר ארבייט, און אויך געבעטען דר. ראזענבערג, אז ער זאל זעהן דאס מיספארשטענדניס זאלען אויסגעמידען ווערען צווישען די העלפ אין דער נייער מייטראן.

באריכט ווערט גוטגעהייסען.

## ראפארט פון דער אפיס קאמיטע.

פריינד דייווידאף, טשערמאן פון דער קאמיטע, באריכטעט, אז אין בר. 27 איז א פרוי פון א מעמבער געווען פארשריבען אלס 3טע קלאס מיטגליעד פאר 13 יאהר, און דאס זי האט די גאנצע צייט געצאהלט דיוס צום ברענטש. אין די רעקארדס פון אפיס איז זי אבער ניט געווען פארשריבען אלס מעמבער. אויף דער אנפראגע, וואס זיי זאלען אין דער הינזיכט טאן, האט די אפיס קאמיטע באשלאסען אז דער ברענטש זאל איינצאהלען דעם אפיס איהרע דיוס פאר די 13 יאהר, און זי וועט דאן פארעכענט ווערען אלס אן אלטע מעמבערין.

אין אודיטינג דעפארטמענט זיינען אין פארלויף פון מאנאט אונטערזוכט געווארען ביכער פון 26 ברענטשעס, מיט א מיטגליעדערשאפט פון העכער 3400, פאר 61 קווארטאלען.

אין א געוויסען ברענטש האט דער טרעזשורער קאלעקטירט 500 דאלאר ביים מיטינג, און דעם צווייטען טאג איז ער פארשוואונדען. דער טרעזשורער איז געווען אינשורט בלויז אויף 275 דאלאר. די קייס איז איבערגעגעבען געווארען צו דער באנד קאמפאני.

דער קאמישאנער און אינשורענס האט אינסטרואירט צו רעכענען די באנדס אין דורכשניט צווישען דעם פרייז פון לעצטען יאהר און דעם מארקעט פרייז פון 30טען נאוועמבער 1918.

פריינד איוועגסקי האט דורכגעקוקט דעם בלענק פון דעם פערטעל־יעהרליכען באריכט, וואס די ברענטשעס דארפען אויספילען, און צוזאמען מיט דעם אודיטינג דעפארטמענט געמאכט מאנכע קליינע אויסבעסערונגען. די נייע בלענק רעפארטס וועלען זיין לייכט פאר די סעקרעטערן אויסצופילען.

אין א געוויסען ברענטש איז מיט אונגעפעהר א יאהר צוריק געזען א מעמבער וועלכער איז שולדיג געבליבען $10.90. זיינע רעקארדס צייגען, אז ער איז געווען א מיטגליעד פון ארבייטער רינג זייט 1908 און ער האט קיינמאל פאר דער גאנצער צייט ניט געקראגען קיין בענעפיט. ער איז אלע מאל געווען אן אקטיווער מעמבער, נאר צוליעב מאטעריעלע אומשטענדען האט ער זיך געלאזט שטרייכען. ער וויל יעצט צוריק אריינקומען אין ארבייטער רינג, איז וויליג צו באצאהלען זיין חוב און די דיוס פאר דער גאנצער צייט, נאר מען זאל איהם אריינעהמען אלס אלטער מעמבער. די אפיס קאמיטע האט באשלאסען צו ברענגען די פראגע צו דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאם.

א געוויסער ברענטש אין פעטערסאן האט פארלאנגט אז מען זאל צוריקווייזען א מעמבער פון זייער ברענטש, ווייל ער האט געארבייט אויף דרוי וועבשטוהלען (ער איז א וועבער) אנשטאט אויף 2, ווי די יוניאן־לייט ארבייטען. די אפיס קאמיטע האט באשלאסען אויף אזא גרונד א מעמבער ניט צוריקגעוויזען ווערען אזוי־לאנג ווי די יוניאן ברענגט ניט קיין קלאגען געגען איהם.

אין א געוויסען ברענטש איז ניט לאנג צוריק אריינגענומען געווארען אלס מעמבער איינער וואס האט זיך באלד ארויסגעצייגט דאס ער איז קראנק אויף א קענסער. עס איז באשלאסען געווארען דעם באטרעפענדען צוריקצואווייזען און בעאויפטראגען די דאקטאר סיטי קאמיטע אויסצוגעפינען צי דער דאקטאר, וועלכער האט איהם אונטערזוכט, איז פאראנטווארטליך צו בלייבען דער דיסטריקט עקזאמינער פון ארבייטער רינג.

פריינד באסקין האט רעקאמענדירט אז די איינטריטס־געלדער פון נייע מעמבערס זאלען די ברענטשעס קענען איינצאהלען דורך טשעקס, פונקט ווי זיי צאהלען איין פאר אלע אנדערע אייטעמס. דאס וואלט געמאכט ווענינגער קאמפליצירט די סיסטעם אין אפיס צו האבען א קעש אקאונט מיט די ברענטשעס פאר אלע אפליקיישאנס און א קרעדיט אקאונט פאר אלעם אנדערעם. עס איז באשלאסען געווארען צו באראטען זיך וועגען דעם מיט אונזער ליגעל אדווייזער.

די אפיס קאמיטע האלט יעצט אין אויסארבייטען א פלאן ווי צו פארגרעסערען די פאליסים אין ארבייטער רינג.

אין אפיס ווערען געמאכט פארבערייטונגען ארויסצושיקען אפליקיישאנס צו אינשורענס קאמישאנערס פון 7 סטייטס צו באנייען אונזערע טשארטערס.

פר. פריימאן איז בעאויפטראגט געווארען צו נעהמען די מינוטס ביי די מיטינגען פון די דעפארטמענט קאמיטעס אין דער צייט, וואס פר. באסקין וועט צוליעב זיין קראנקהייט זיין אבוועזענד אין אפיס.

עס ווערט באשלאסען צו באוויליגען דעם פארלאנג פון מעמבער, וואס איז געשטראכען געווארען, בלייבענדיג שולדיג $10.90.

ראפארט פון דער אפיס קאמיטע ווערט גוטגעהייסען.

## ראפארט פון דער גריוועגס קאמיטע.

פריינד וויינבלאט, טשערמאן פון דער קאמיטע, באריכטעט, אז א מעמבער פון א געוויסען ברענטש האט אפעלירט געגען דער האנדלונג פון ברענטש אריינצונעהמען א מיטגליעד, וועלכער איז פריהער עפענטליך אין ברענטש ניט פארגעשלאגען געווארען. דער אפעלאנט איז געווען דער טשערמאן פון יענעם מיטינג און ער האט זיך ענטזאגט דעם מעמבער אויפצונעהמען. דער מיטינג האט אבער באשלאסען דעם באטרעפענדען יא אנצונעהמען און ער אפעלירט דארום געגען דיזער האנדלונג. דער סעקרעטער פון ברענטש האט ערקלערט, אז דער באטרעפענדער איז געווען א געטרייער מעמבער פון א. ר. און דארום איז ניט נויטיג געווען דורכצוגעהן מיט איהם די געוועהנליכע פראצעדורע פון א נייעם מעמבער, און דער סעקרעטער האט מיט איהם געמאכט אן אויפנאהמע, איהם גלייך געפיהרט צום דאקטאר און געבראכט די אפליקיישאן צום מיטינג, זיי האבען אנגעדייטעט, אז ער איז פריהער געווען 8 יאהר א מעמבער פון א. ר. אן עדות פון אפעלאנט האט צוגעגעבען, אז פאר דער גאנצער צייט, וואס דער באטרעפענדער איז געווען א מיטגליעד פון דעם ברענטש, זיינען קיין אויזעצונגען געגען איהם ניט געווען.

נעהמענדיג אין אנבאטראכט דאס געגען דעם באטרעפענדען מעמבער זיינען פאקטיש קיינע קלאגען אדער אויסזעצונגען פריהער ניט געווען, האט די נאציאנאלע גריוועגס קאמיטע באשלאסען, אז דער מיטינג, ווען פר. וויינבלאט איז אויפגענומען געווארען, זאל באטראכט ווערען אלס א פארשלאגס־אבענד, און אנפרעגען ביים ברענטש אויב עס זיינען ניט געווען קיין 5 מעמבערס וואס זאלען איהם האבען אבדזשעקטעט, זאל ער פארעכענט ווערען אלס געזעצליך אויפגענומען.

פר. וויינבלאט גיט איבער נאך איניגע קייסעס, וועגען וועלכע זיי איז אויסגעקומען צו האנדלען אין פארלויף פון מאנאט, און דער ראפארט ווערט גוטגעהייסען.

פ. געליעבטער, רעקארדינג סעקרעטער.

---

## צו אלע ברענטשעס פון ארבייטער רינג.

צוליעב דעם וואס פיעלע ברענטשעס האבען נאך ניט צוריקגעשיקט צוזאמען מיט'ן אפיעל פאר אונזערע צוויי קאנסאמפטיוו מעמבערס, זיינען מיר געצוואונגען אפצולייגען דעם דייט פון ראפעל. מיר בעטען דארום די סעקרעטערע, וואס האבען נאך ניט געענטפערט אויף אונזער אפיעל, גלייך צו ענטפערן. די ברענטשעס וואס האבען באשלאסען ניט צו שטיצען זיינען געבעטען צו שיקען צוריק די טיקעטס צום טרעזשורער פון דער רעליעף קאמיטע אויף פאלגענדען אדרעס: דייוויד פארטעסס, 1447 וואשבורן עווענ'ו, שיקאגא, איל.

מיט גרוס

קאראסטישעווער עדיוקיישאנאל ליעג, ברענטש 540 א. ר.

דזש. קאהן, סעקרעטער.

נ. ב. די קוויטירונגען פון די ברענטשעס וועלכע האבען אונז געשטיצט וועלען פארעפענטליכט ווערען אין נעקסטען נומער „פריינד“.

---

ברענטש 277 ארבייטער רינג האט אלע מאל גענומען אן אקטיווען אנטייל אין אלע סאציאליסטישע קעמפיינס פאר די לעצטע עטליכע יאהר. אונטער זעהר שווערע אומשטענדען קומט אונז אויס דיעזען יאהר צו ארבייטען פאר דעם נאבעלען צוועק צו שיקען אונזערע פארטרעטער אין די אמעריקאנער געזעצגעבענדע קערפערשאפטען. מיר האבען דיעזען יאהר געזאמעלט 70 דאלאר פאר דעם סאציאליסטישען קאמפיין, 15 דאלאר האבען מיר געגעבען פאר דער מאיר לאנדאן ארבייטער רינג קאמיטע און 55 דאלאר פאר דעם אלגעמיינעם סאציאליסטישען קעמפיין פאנד. מיר וועלען האבען אויך געשיקט א גענוגענדע צאהל „וואטשערס“ פאר עלעקשאן טאג. אונטער די אומשטענדען, ווי מיר האבען פארלוירען א גרויסע צאהל פון אונזערע אקטיווע מעמבערס, זיינען מיר דיעזען יאהר אויך ניט הינטערשטעליג.

מיט פריינדליכען און סאציאליסטישען גרוס

זוואניין פאדאלער פראג. ברענטש 277 ארבייטער רינג.

מ. בוניאק, פינאנס סעקרעטער.

---

## פון א בריעף

ווערטהער פר. סעקרעטער:

... א גרויל פון פרייד איז מיר איבערגעגאנגען איבער מיין לייב, ווען איך האב ערהאלטען אייער צושריפט וועגען טשארטער פאר אונזער סטייט. איך האב גראדע אנגעטראפען אונזער ווירדיגען טרעזשורער, פריינד אב. סאוואן, און איהם דעם צושריפט געצייגט. מיר האבען ביידע זיך די הענד געדריקט און מיט גרויס פרייד זיך באגריסט און פארפליכטעט זיך צו ארבייטען מיט לייב און זעעל פאר אונזער באליעבטען ארבייטער רינג. מיר האבען זיך ניט געקענט שיידען מיט דעם צושריפט, יעדער פון אונז האט איהם געוואלט האבען ביי זיך אלס אינסטרומענט מיט וואס צו באגריסען אונזערע מעמבערס.

מיט ארבייטער רינג גרוס

ס. שוחט, סעקרעטער בר. 426 א. ר., מאנטשעסטער, נ. ה.

# פון אונזער קאָרעספּאָנדענץ-טיש

## אין די ניו־יאָרקער ברענטשעס

אין די ניו־יאָרקער ברענטשעס, סיי אין מעמבערשיפּ קאמפּיין און סיי אין דער אַרבייט פאַר די מלחמה קרבנות, ווי עס זעהט אויס, ווילען די מעמבערס פון ניו־יאָרק איבערשטייגען די ערוואַרטונגען פון דער נאַצ. עקז. אין ביידע קאמפּיינס. ערשטענס, זאָגען זיי, דאָס 70 טויזענד מעמבערס ביז צום קאָנווענשאָן איז ניט גענוג, און צווייטענס, ווילען זיי 50 טויזענד דאלאר אנשטאט 25 טויזענד פאַר'ן רעליעף, און אַז די ניו־יאָרקער מעמבערס זאָגען, דאָס ניו־יאָרק אַליין וועט צושטעלען 10 טויזענד מעמבערס ביז צום קאָנווענשאָן, מעגט איהר זיי גלויבען. די ניו־יאָרקער אידען, ווען זיי שפּאַרען זיך איין, פיהרען זיי אימער אויס. דאָסזעלבע קען מען זאָגען וועגען רעליעף. זיי ווילען ניט אַנדערש, נור ניו־יאָרק אַליין זאָל געבען 25 טויזענד דאלאר פאַר'ן רעליעף. לויט דער טעטיגקייט, וואָס עס געהט אָן אין די ברענטשעס, דענקען מיר, דאָס זיי וועלען טאַקי אויספיהרען זייערס.

עס פאַרשטעהט זיך, דאָס די ברענטשעס, וואָס האָבען נאָך ניט זייער קוואָטא צוגעשטעלט, דאַרפען זיך צואיילען און זייער חלק צושטעלען. מיר וועלען יעדען מאָנאַט פאַרעפענטליכען אין „פריינד" די ברענטשעס, וואָס וועלען זיך אַרויסצייגען מעהר טעטיג, און די אַלע ברענטשעס, וואָס ווילען אויך שטעהען אויף דער עהרען־ליסט, זאָלען ווי אַם שנעלסטען זיך נעהמען צו דער אַרבייט און מיר וועלען זיי אַריינשטעלען צווישען די אויסגעצייכענטע ברענטשעס.

בר. 417, אַ קליינער ברענטש, אין גאַנצען פון 90 מעמבערס, זיינען זעהר טעטיג אין אַריינגעהמען נייע מעמבערס. פאַר דעם רעליעף האָבען זיי געגעבען 150 דאלאר, אַ חוץ 10 פּראָצענט, וואָס זייער באַזאַל וועט אַריינברענגען. מיר געבען זיי אויך קרעדיט פאַר אַ נאָבעלער טאַט צו זייערען אַ קראַנקען מעמבער. זיי האָבען זיך געטעקסט פרייוויליג צו 3 דאלאר יעדערער און 30 דאלאר פון דער קאַסע, וואָס מאַכט צוזאַמען 300 דאלאר פאַר אַזאַ קליינעם ברענטש איז זעהר שעהן.

בר. 99, אַן אַלטער ברענטש, טוט גוטע אַרבייט אויף אַלע געביעטען. פּאַר'ן רעליעף האָבען זיי באַוויליגט 400 דאלאר, אַ חוץ די איינגאַהמע פון אַן אונטערנעהמונג, וואָס זיי מאַכען. זיי האָבען אַריינגענומען 50 נייע מעמבערס און נאָך מעהר וועלען זיי האָבען ביז צו זייער יעהרליכען מיטינג, וואָס זיי האַלטען אָפּ יעדעס יאָהר אין יאַנואַר. זיי פיהרען אָן אַ טיכטיגען קאמפּיין.

בר. 461, אַ קליינער ברענטש, וואָס איז אינסטאָלירט געוואָרען דעם 14טען אָקטאָבער, האָט געטעקסט די מעמבערס מיט איין טאָג ווייזשעס פאַר'ן רעליעף, וועלכער האָט אַריינגעבראַכט 300 דאלאר. זיי פיהרען אויך אָן אַ קאמפּיין פאַר נייע מעמבערס.

בר. 75 נעהמען אַריין פיעל נייע מעמבערס. זיי האָבען זיך געטעקסט מיט 1 דאלאר פּער מעמבער פאַר'ן רעליעף.

בר. 3:6 מאַכען אַן אונטערנעהמונג פאַר'ן רעליעף. זיי נעהמען אַריין פאַר די לעצטע עטליכע מיטינגען צו 10 ביז 12 מעמבערס.

בר. 581 נעהמען אַריין פיעל נייע מעמבערס. זיי האָבען געשטיצט דעם רעליעף מיט 150 דאלאר.

בר. 330 האָבען געגעבען 75 דאלאר פאַר'ן רעליעף, אַ חוץ 50 סענט אַ טעקס פּער מעמבער. זיי נעהמען אויך אַריין נייע מעמבערס.

בר. 210 האָט שוין אַריינגענומען 35 נייע מעמבערס. זיי פיהרען אָן אַ קאמפּיין אַריינצונעהמען ביז צום קאָנווענשאָן ביז 210 מעמבערס, לויט דעם נומער פון זייער ברענטש.

בר. 42, אַן אַלטער ברענטש, האָט געזאָלט פייערען זיין 16־יעהריגען יובילעאום. מעהרערע אַקטיווע מעמבערס זיינען געווען דאַגעגען צו פייערען יעצט דעם פעסט, און עס איז באַשלאָסען געוואָרען די צייט און דאָס געלד, וואָס אַזאַ יום־טוב דאַרף קאָסטען, בעסער אָפּצוגעבען פאַר רעליעף און אָנפיהרען אַ טיכטיגען קאמפּיין פאַר נייע מעמבערס. ביז יעצט האָבען זיי שוין כמעט 50 נייע מעמבערס אַריינגענומען און ביז צום קאָנווענשאָן ווילען זיי דאָס זייער ברענטש זאָל באַשטעהען פון 400 מעמבערס. אויף בר. 42 מעג מען זיך פאַרלאָזען — זיי בלייבען קיינמאָל ניט שולדיג.

מיר האָבען נאָך פיעל ברענטשעס אויף דער ליסט, אָבער מיר קענען ניט פאַרנעהמען צו פיעל פּלאַץ אין „פריינד". ביי דער נעקסטער געלעגענהייט וועלען מיר דאָס טון.

נ. י. סיטי אַרג. קאמיטע. א. לאַנגער, סעק.

---

דער יעהרליכער קאָנפערענץ פון דער פּראָווידענס דיסט. קאָמ. איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען זונטאג דעם 22טען סעפּטעמבער. פר. וואָלאָס, פאַרטרעטער פון דער נאַציאָנאַלער דזשענ. עקז., איז אַנוועזענד. פר. פּ. מאַרקוס, פון בר. 14, ווערט ערוועהלט אַלס טשערמאַן פון קאָנפערענץ, און פר. ל. שענקאָוו, פון בר. 100, אַלס סעקרעטער.

פאָלגענדע ברענטשעס זיינען פאַרטראָטען: בר. 14, פּ. מאַרקוס, גאָלדמאַן, א. בעק, מ. בערענשטיין, פר. דזשעפּערס; בר. 110: חלק, שענקאָוו, דובינסקי, העלד און פר. געטער; בר. 251: פּאלאק, דזש. ראָטענבערג, בערענשטיין, טשערניאַק און פר. לעווין; בר. 522: פר. טאַב, עמבער, טשוגערמאַן, גרוסמאַן און בערגער; בר. 381: סאַליוואַן. די איבריגע אַפּוועזענד.

די סיטי קאָמיטע איז פאַרטראָטען דורך פר. פּאַוולאָוו, א. ראָטענבערג און ה. בעק. צוזאַמען זיינען פאַרטראָטען 21 דעלעגאַטען.

פר. א. ראָטענבערג גיט אָפּ אַ ראַפּאָרט פאַר'ן יאָהר אַרבייט, וואָס די ס. ד. ק. האָט געדיענט, אַז זי האָט געטאָן זעהר גוטע אַרבייט. זיי האָבען באַזוכט די ברענטשעס, און אין די ברענטשעס עקזיסטירט האַרמאָניע. זיי האָבען זיך אָנגעשטרענגט מיט אַלע כחות און ענערגיע צו אָרגאַניזירען אַ בר. איז ניופּאָרט, אָבער פאָרלויפיג נאָך אָהן ערפאָלג. זיי האָבען אָרויגעלאָזט אַ הענדביל און אַפּעלירט אָנצושליסען זיך אָן אַ. ר., אויך אָנגעפיהרט אַ קאמפּיין פאַר מעמבערשיפּ דורך אַרויסשיקען לעטערס צו אַלע מעמבערס פון אַ. ר., צו מאַכען זייערע פריינד און באקאַנטע פאַר מעמבערס פון אַ. ר. אויך האָט די ס. ד. ק. געשיקט קאָמיטעס צו אַלע יוניאָנס־אָרגאַניזאַציעס, אַפּעלירענדיג צו ווערען מעמבערס פון אַ. ר.

דורך דער צייט האָט די ס. ד. ק. אָפּגעהאַלטען צוויי דזשענ. מיטינגען און צוויי מאַסען־פאַרזאַמלונגען, איינער מיט פר. עפּשטיין פון ניו־יאָרק, פאַר אָרגאַניזאַציאָנס צוועקען. דער צווייטער מאַס־מיטינג, אָפּגעהאַלטען פאַר הילקוויט'ס קאמפּיין פאָנד, וועלכער האָט אַריינגעבראַכט 90 דאלאר, אַראָפּנעהמענדיג אַלע עקספּענסעס. די געלדער זיינען באַלד אָפּגעשיקט געוואָרען. זיי האָבען אויך געאַרבייט האַנד־אין־האַנד מיט דער דזש. רעליעף קאָמיטע פאַר די מלחמה קרבנות.

זיי האָבען אויך אַרויסגעשיקט אַ צושריפט צו אַלע ברענטשעס פון אַמעריקא צו שטיצען דעם „רהאָוד איילאנד דעפּענס ליעג פאַר דזשאָסטיס", און ס'האָט אַריינגעבראַכט $170.10 פאַר דיעזען צוועק. אויך איז געקאָלעקטירט געוואָרען ביי די ברענטשעס דורך דער ס. ד. ק. פאַר דעם זעלבען צוועק $150.00. עס איז אויך פיעל געטון געוואָרען פאַר'ן מיליאָן דאלאר פאָנד, אַ דאַנק דער ס. ד. ק.

עדיוקיישאָנאַל אַרבייט: 2 לעקטשורס אָפּגעהאַלטען מיט אגוז'ן פון באָסטאָן.

עס ווערט אויך אָפּגעגעבען אַ יעהרליכער פינאַנס ראַפּאָרט. ביידע ריפּאָרטס ווערען גוטגעהייסען.

פר. וואָלאָס, פאַרטרעטער פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע, האַלט אַ רעדע וועגען אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבייט און איבער דער לאַגע פון אַרבייטער רינג אין איצטיגען מאָמענט.

נאָך פר. וואָלאָס'עס רעדע ווערט ערוועהלט אַ נייע סיטי קאָמיטע פון פאָלגענדע דעלעגאַטען: פּ. מאַרקוס, ה. בעק, מ. בערענשטיין, פּאַוולאָוו, שענקאָוו, חלק, א. ראָטענבערג, דזש. ראָטענבערג, בערענשטיין, סאלאוואַן, טאַב, עמבער און בערגער.

פאָלגענדע בעאַמטע ווערען ערוועהלט: פר. פּ. מאַרקוס אַלס טשערמאַן; רע. סעק., פר. ל. שענקאָוו; פינאַנס סעק., דזש. פּאַוולאָוו און טרעזשורער, ה. בעק.

עס ווערט ערוועהלט אַן עדיוקיישאָנאַל קאָ.: ה. בעק, טאַב, חלק, דזש. ראָטענבערג און מ. בערענשטיין.

אָרגאַניזאַציאָנס־קאָמיטע: א. ראָטענבערג, בערענשטיין, פּאַוולאָוו, חלק און שענקאָוו.

נאָך דער ערוועהלונג פון אַלע בעאַמטע און אַלע קאָמיטעס קומט פאָר אינסטאָלליישאָן, און פר. וואָלאָס, אַלס פאַרטרעטער פון ניו־יאָרק, אינסטאָלירט די נייע ערוועהלטע ס. ד. ק. פאַר דעם נעקסטען יאָהר.

דערמיט ווערט דער קאָנפערענץ מיט גרויס באַגייסטערונג און מיט די בעסטע פּלענער פאַר דער צוקינפטיגער אַרבייט געשלאָסען.

ל. שענקאָוו, סעק.

---

איך גראַטוליר פון מיין גאַנצען האַרצען דעם באַשלוס פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע צו אַראַנזשירען איינציגע שפּאַציערען אין קונסט־מוזעאום, דיסקוסיאָנען און ליטעראַרישע אָבענדען. איך גלויב, אַז עס איז זעהר אַ גוטער מיטעל פאַר פּאָפּולאַריטעט און פּראָפּאַגאַנדאַ. די סיטי עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע דאַרף זיך ניט אָפּשטעלען ווען עס זאָל אפילו זיין אַ דעפיציט. עס דאַרפען נאָר זיין בעסערע אָרגאַניזערס און זאָלען נעמען אַ האָלל, ווי „פאָרווערטס", האַרלעם אָדער בראָנקס, וואו מען קען זעהן אַ קראַוד און די פּרייזען זאָלען זיין לעכערליך ביליג, און דאַן וועלען מיר קומען צו דער נייער קאָנווענשאָן מיט 70,000 מעמבערס.

א. ליפּאָוועצקי, ברוקלין.

---

ווערטהער רעדאַקטאָר!

האָבענדיג שוין אַביסעל ערפאַהרונג, וועל איך שוין היינט מיט צוויי לאַנגע טענות צו אייך ניט קומען, אום ניט צו געבען אייך אַ פאַרטיגען תירוץ, אַז דאָס פאַרנעמט צופיעל פּלאַץ. איך וויל אויך האָפען, אַז איהר וועט ניט האַנדלען ווי מיט עטליכע מאָנאַטען צוריק, געבענדיג די געלעגענהייט אייער „פּעליעטאָניסט" י. ב. צו כאַפּען די

פיש פאר דער נעץ און ענטפערען דאן אויף מיין ניט־געדרוקטען ארטיקעל אזוי ווי איהם האט זיך געלוינט.

וויסענדיג אלע האנדלונגען און פיהרונגען פון אונזער עקז. פאר די לעצטע פאר יאהר, שענקען מיר שוין ניט קיין צופיעל אויפמערקזאמקייט צו דעם, וואס זיי טוען יעצט, אבער, איבערלייענדיג דעם יאנואר נומער „פריינד“, וואו י. באסקין האט אין נאמען פון 60 טויזענד מיטגליעדער געשטימט געגען אנטייל נעמען אין אידישען קאנגרעס, וואו די עקזעקוטיוו האט זיך ענטזאגט צו שיקען דעלעגאטען צום אידישען קאנגרעס, קומט דערנאך סאלוצקי און הייסט געהן — געהט מען. ווילט זיך פרעגען: זיינען מיר, די ברייטע מעמבערשיפ, נור א גרויסע סטאדע בלינדע שעפסען, מיט וועמענס מיינונג מען דארף זיך ניט רעכנען? איז דאס ניט אוזורפאטאריש, אז 25 אדער זאגאר איינער (באסקין) זאלען האנדלען און שטימען ווי זיי ווילט זיך, ניט אנפרעגענדיג קיינמאל ביי דער גרויסער מאסע וואס זיי דענקען וועגען דעם? ווען אונזערע פיהרער וואלטען ווירקליך געווען עהרליך אין דער פראגע, האבען זיי געדארפט איין מאל פאר אלע מאל ארויסשיקען די קאנגרעס־פראגע אויף א רעפערענדום און זאלען די מעמבערס באשטימען ווי צו האנדלען. מיר, סאציאליסטען, פרעדיגען שטענדיג דעמאקראטיע, אבער ווי עס קומט צו אונז אליין, זיינען מיר אין דער היים ניטא.

דאסזעלבע אויך וועגען דער פאלעסטינא פראגע. אנשטאט איינער זאל ארויסגעהן עדיטאריעל אין „פריינד“ מיט דער באהויפטונג, אז די א. ר. מעמבערס אינטערעסירען זיך ניט מיט פאלעסטינא, זאל די גאנצע מעמבערשיפ קריגען דאס רעכט ארויסצוזאגען זייער מיינונג. ווען זיי וואלטען זיך מיט דעם באנוצט, וואלט זיי זיין פארשפארט צו האנדלען אזוי אונפאראנטווארטליך און אז יעדער זאל זיך האנדלען ווי איהם געפעלט אליין פערזענליך.

מיט א. ר. גרוס

ב. זעווין, סעק. בר. 305 א. ר., פילא.

רעדאקציאנס־באמערקונג: פר. זעווין האט יעדענפאלס געמעגט נישט צווייפלען אין דער עהרליכקייט פון די פיהרער פון א. ר., באטש ער האט דאס רעכט נישט צו זיין איינשטימיג מיט זיי. אזוי רעדט געוועהנליך א פארביסענער מענש, וועלכער האט עפעס חשבונות ווער ווייס ווי פארלעגען. ווען פר. זעווין וואלט זיך דערמאנט, אז ערשט מיט ארום דריי מאנאטען צוריק האבען מיר געהאט אין ניו־יארק א ריעזיגע קאנפערענץ פון ארום 800 דעלעגאטען, די גרעסטע טייל פון זיי פון א. ר., וועלכע האבען געטייבעלט די פאלעסטינא־פראגע, וואלט ער פארשפארט צו פאדערען א רעפערענדום וועגען א פראגע, וואס האט געדארפט געלעזט ווערען אין פארלויף פון עטליכע טעג.

---

אן אויפרוף צו די מעמבערס פון בר. 594 א. ר., פארט זשערווים.

פריינדע: וויפיעל מיה, וויפיעל באלידיגונגען זיינען מיר אויסגעשטאנען ביים גרינדען דעם ברענטש, וויפיעל טראבעל האבען מיר געהאט ביים קויפען אונזער סעמעטערי פון אונזערע „שעהנע“ ב״ב פון דעם שטעדטעל. יעדער פריינד האט דעם קאמף אויפגענומען העלדיש. מיר האבען געצייגט אונזערע שונאים, אז א ברענטש פון דעם א. ר. איז נישט קיין ברענטש פון גרינהארנס, נאר שטאלצע מענשען, וואס לאזען זיך נישט טרעטען אויף זייערע געפיהלען. אלע ווי איין פאמיליע האבען מיר זיך געפיהלט אין ברענטש פאר א לאנגער צייט, נאר ביסלעכווייז האט מען אויפגעהערט צו קומען צו די מיטינגען ביז, דאנקען גאט, מיר האבען שוין נישט גענוג מעמבערס צו עפענען א מיטינג.

פריינדע, איהר ווייסט אפילו נישט אז מיר האבען זיך געווענדעט צום דזשענעראל אפיס צוריקצוציהען דעם טשארטער, נאר דער דזשענעראל אפיס בעט די עטליכע מעמבערס, ביי וועמען דער ברענטש איז נאך יעצט אויך טייער, אז מען זאל אויפלעבען דעם ברענטש. גליקליכערווייזע האבען מיר יעצט צוגעקראגען א פריינד, וועלכער וואוינט אויף איין פארק, וואס וויל קומען צו יעדען מיטינג און נאך די מיטינגס געבען אונז לעקטשורס און באקענען אונז מיט אזעלכע פראגען, וואס וועלען אינטערעסירען יעדען פריינד. אויך האבען מיר ארויסגענומען 4 נייע פריינדינס, וואס ווילען פון צייט צו צייט מאכען טיקלעך סאפערס און קאנצערטען, ווי מיר פלעגען אמאל פארברענגען א זונטאג אווענד.

איך ערווארט אז אלע מעמבערס וועלען לעזען דעם נומער „פריינד“, וועלען קומען צו די מיטינגס. מיר קענען יעצט זיך נעמען צו קויפען אן אייגענע הויז פאר אונזער בר.

זאלען מיר זיך נאך אמאל צוזאמענגעהמען און אויפלעבען אונזער בר. 594!

אייער פריינד, וואס האט אזוי פיעל ארבייט און מיה אוועקגעלעגט די גאנצע צייט פאר דעם ברענטש,

סעם גאלדמאן.

---

ווערטהער רעדאקטאר פון „פריינד“!

איך בעט א שטיקעל פלאץ אין „פריינד“ פאר מיינעם א בריעף, אין וועלכען איך וועל זאגען א פאר ווערטער וועגען דער קאאפעראטיווער באוועגונג אין ארבייטער רינג!

צו דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע.

ווערטהע פריינדע! לעזענדיג אין נומער „פריינד“ פאר׳ן מאנאט אקטאבער, דער רעפארט פון „לייבאר ליעג קאנווענשאן“, וואו פריינד עפשטיין באריכטעט, אז ברענטש 3 לייבאר ליעג האט א גרויסע קאאפעראטיווע בעקעריי, לעזענדיג באריכטען אין אנדערע נומערען פון „פריינד“, וועגען שטעדט און ברענטשעס, וועלכע בויען לייבאר ליסעאומס און גרינדען קאאפעראטיווע סטארס, לעזענדיג אן ארטיקעל פון ה. גראף אין „פארווערטס“ פון זונטאג דעם 10טען נאוועמבער, וואו ער צייגט אן וועלכע פראטוירנאל ארגאניזאציאנען און ברענטשעס פון ארבייטער עס האבען זיך אנגעשלאסען אן דער „פעדעראציע פון די אידישע קאאפעראטיווען“ אין אמעריקא, און אין דעם זעלבען ארטיקעל ווערט אנגעצייגט פארשיעדענע שטעדט, אין וועלכע עס זיינען געגרינדעט געווארען פארשיעדענע קאאפעראטיווע סטארס, דארף זיך שטעלען די פראגע, און וואס איז מיט דעם ארדען פון ארבייטער רינג זעלבסט? וואס טוט אדער וואס האט אויפגעטאן דער ארבייטער רינג אויף דיעזען געביעט? פיליינט וועט מען מיר ענטפערען, אז דער ארבייטער רינג האט גענוג אנדערע ארבייט. ניין, פריינדע נאך דעם ווען די פראטוירנאל רייטס זיינען איינגעפיהרט געווארען אין ארבייטער רינג, נאך דעם ווי די קריעגערייען און רייסערייען פון די יונגע און אלטע האבען אויפגעהערט, איז ניטא קיין ענטשולדיגונג פאר ווייטערדיגע ארבייט אדער טעטיגקייט, ווייל די טאג־טעגליכע און רוטינע ארבייט ווערט געטאן פון דעם דזשענעראל אפיס מיט זיינע דעפארטמענטס, די עדיוקיישאנאל קאמיטע, ווי אויך אנדערע קאמיטעס טוען זייער געוועהנליכע ארבייט, און די נאצ. עקז. קאמיטע אלס א גאנצע, אדער דער ארבייטער רינג אלס א גאנצער, האט יעצט אויף זיך גאנץ אנדערע אויפגאבען, און ספעציעל יעצט.

וואס זיינען די אויפגאבען? מיר מוזען וויסען און אין זינען האבען, אז אזוי שנעל ווי די מלחמה וועט זיין געענדיגט (און זי איז דאך אייגענטליך שוין געענדיגט), דאן וועט דאך זיכער מוזען איבערגעבויט ווערען דער גאנצער געזעלשאפטליכער לעבען פון יעדען לאנד אדער נאציאן, און נאטירליכערווייזע וועט דער סאציאל־„עקאנאמישער לעבען“ אויך מוזען איבערגעארבייט ווערען, און זעלבסטפארשטענדליך וועלען איינגעפיהרט ווערען פארשיעדענע רעגירונג־אינשורענס, ווי אינשורענס פאר קראנקהייט, ארבייטסלאזיגקייט און אלד פענשאן א. ז. וו., און דאן איז מעגליך אז פיעלע ארדענס וועלען אונטערגעהן, און פיעלעס וועט אויך נאטירליך מוזען פארלירען אונזער ארדען, און אט דיעזע צוקינפטיגע איינריכטונגען און צושטענדע פון דער געזעלשאפט וועלען צווינגען דעם „ארבייטער רינג“ צו טאן אנדערע ארבייט.*

איך זאג אז דער ארבייטער רינג האט פאר זיך פאלגענדע אויפגאבען: 1) אנפאנגען א סיסטעמאטישע פראפאגאנדא און ערציהונגס־ארבייט פאר סיטיזענשיפ. דאס מוז ער טאן. דער לעסאן פון די יעצטיגע עלעקשאן האט אונז גענוג געלערנט. 2) דער ארבייטער רינג מוז אליין אנפאנגען צו גרינדען קאאפעראטיווע סטארס, ווי גראסערי סטארס, בוטשער סטארס, בעקערייען א ז. וו. לאמיר נעהמען אזעלכע שטעדט ווי ניו יארק, פילאדעלפיא און שיקאגא, וועלכע צעהלען צעהנדליגע טויזענדער מעמבערס, קען דאך דער ארבייטער רינג פארשפרייטען א גאנצען נעץ פון קאאפעראטיווע סטארס איך בין זיכער, אז ווען די נאצ. עקז. קאמיטע זאל זיך נעהמען ערנסט צו דיעזער ארבייט, וואלט זי זיכער געהאט ערפאלג. לאמיר נעהמען ניו יארק. איך גלויב, אז אין ניו יארק געפינט זיך פון 25 ביז 30 טויזענד מעמבערס, וועלכע וואלטען זיכער גענומען 5 דאלארדיגע שערס, וואס דאס מיינט א סומע פון 50 טויזענד דאלאר, און מיט אזעלכע געלד קען מען דאך לייכט עפענען א גאנצע רייהע פון קאאפעראטיווע סטארס.

איצט פרעגט זיך, פארוואס זאל ניו יארק ווירקליך ניט האבען קיין לייבאר ליסעאום? מיר לעזען פון פארשיעדענע שטעדט און שטעדטלאך, וואו איינצעלנע אדער צוויי און דריי ברענטשעס קענען אויפבויען לייבאר ליסעאומס, הייזען פאר ארבייטער, אין ניו יארק, וועלכע צעהלט צעהנדליגע טויזענדער מעמבערס, האט ניט קיין לייבאר ליסעאום. איז דאס ניט קיין פארדרום? עס פרעגט זיך, וועלכע אורזאכען, וועלכע געהיימע קראפט שטערט אין דעם? ניו יארק האט דאך אזא אונגעהויערע צאהל ברענטשעס און זיי האבען ניט קיין פלאץ, קיין צענטער, וואו זיי זאלען קענען אין די אווענדען און אנדערע פרייע צייט זיך צוזאמענקומען און דיסקוטירען פארשיעדענע טאגעס־פראגען. יעדער ברענטש און ברענטשעלע איז „עולם בפני עצמו,“ יעדער ברענטש האט זיך זיין וועלטעל, עס איז אבער ניטא קיין איינהייט, קיין געמיינשאפטליכעס. גאנץ אנדערש וואלט עס אויסגעזעהן, ווען אין ניו יארק, לאמיר זאגען אין „מאנהעטען“, וואלט געווען איין גרויסער לייבאר ליסעאום. דאן וואלט מען דארט געקענט גאנץ לייכט אנפיהרען די ארבייט פאר בירגערשאפט, פאר קאאפעראציאן, פאר פארשיעדענע מיטינגען, לעקטשורס און דיסקוסיאנען. עס וואלט ווירקליך געקענט פארוואנדעלט ווערען אין איין ארבייטער „בית־המקדש“, פון וואנען אלע גייסטיגע און קולטורעלע ארבייט וואלט זיך געשאפען.

איך וואלט נאך פיעל געקענט שרייבען אויף דיעזען געביעט, אבער צום ערשטען מאל וועל איך זיך באנוגענען מיט דעם קליינעם לעטער.

וואלט ניט געווען ראטזאם אז קאנפערענצען זאלען גערופען ווערען און טאקי דורכרעדען זיך וועגען די אלע פראגען.

און וויל האפען אז די נאציאנאלע עקזעקוטיוו קאמיטע וועט דאס אין אכט נעהמען און וועט עטוואס טאן.

ה. מעגין, מעמבער פון בר. 80 א. ר.

ווערטהער רעדאַקטאָר פון „פריינד“:

לויט דעם פאַרלאַנג פון איניגע ברענטשעס, בעטען מיר אַ קליין שטיקעל פלאַץ פאַר פאָלגענדער קוויטירונג: די פאָלגענדע ברענטשעס האָבען איינגעצאָהלט די איינטריטס-געלד און זיינען דארום אָפיציעל אָנגעשלאָסען אַלס פראַטוירנאַל מיטגליעדער צו דער „פעדעראַציע פון אידישע קאָאָפּעראַטיווען אין אַמעריקא“.

1, 7, 13, 15, 16, 17, 24, 25, 29, 47, 70, 79, 84, 88, 90, 95, 109, 133, 140, 143, 157, 187, 198, 232, 248, 265, 278, 301, 376, 331, 382, 383, 394, 395, 479, 483, 488, 501 און לייבאָר ליעג בר. 18. אויב איהר געפינט ניט אייער ברענטש נומער אין דיעזער קוויטירונג, דאַרפט איהר עס אָנפרעגען ביי אייער סעקרעטער, אָדער ביי אייער ברענטש מיטינג.

מיט פריינדליכען גרוס

פעדעראַציע פון אידישע קאָאָפּעראַטיווען.

נ. ב. דער דריטער נומער „קאָאָפּעראַטיווע וועלט“ ערשיינט דעם 1טען פעברואַר.

---

דעם 22טען פעברואַר פאַררופען מיר אונזער 15 יעהריגען יובילעאום. ווען מיר האָבען דעם ברענטש געגרינדעט איז אַ מעמבערשיפּ פון 50 געווען אַ ווייטער חלום. זינט האָבען מיר געדאַרפט שטיצען אַ קראַנקען פריינד האָבען מיר גמילות חסדים געמוזט זוכען. יעצט האָבען מיר איבער 300 מיטגליעדער און אַ פאַרמעגען פון אַ פאָר טויזענד דאָלאַר. אין אַ משך פון 4 יאָהר האָבען מיר אויסגעצאָהלט 1600 דאָלאַר שטיצע צו 9 קאנסאמפּטיוו מעמבערס, אויסער די הונדערטער דאָלארס, וואָס מיר האָבען אויסגעצאָהלט עקסטראַ בענעפיטס און שטיצע. עס איז פאַקטיש ניטאָ קיין איין ראַדיקאַלע באוועגונג אויף דער אידישער גאַס, וועלכע אונזער ברענטש שטיצט ניט. אויסער געגרינדעט אַ לאַנדסלייט רעליעף, וועלכער האָט געזאמעלט קרוב צו פיער טויזענד דאָלאַר און אַוועקגעגעבען דעם פראָפיט פון אַ יעהרליכער אונטערנעהמונג, וואָס האָט אַריינגעבראַכט 431 ריינעם פראָפיט.

אונזער קולטורעלע טעטיגקייט האָט זיך ניט באגרענעצט מיט לעקטשורס, וועלכע מיר האָבען אַראַנזשירט ביי יעדער געלעגענהייט. מיר האָבען אויך אַרויסגעגעבען מראָשורען וועגען פאַרשיעדענע היגיענישע פראַגען, געשריבען פון אונזער פריינד דר. ב. דובאָווסקי, און יעדער מעמבער האָט זיי געקראָגען צוגעשיקט אין הויז. מיר האָבען אויך גענומען אַ 100 סעטס פון די 2 לעצטע אויסגאַבען פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע. אויסער דעם וואָס מיר האָבען גענומען פון די פריהערדיגע אויסגאַבען, זיינען מיר אויך מעמבערס פון קראָפּאָטקין ליטעראַטור געזעלשאַפט און פון דער קאַרל מאַרקס געזעלשאַפט.

יעצט, פייערענדיג אונזער 15 יעהריגען יובילעאום, האָבען מיר אויך ניט פאַרגעסען אָן אונזערע מלחמה קרבנות און מיר האָבען אַריינגעשיקט אַ טשעק אין דזשענעראַל אָפיס פאַר 200 דאלאַר, און מיר האָפען, אַז מיר וועלען קענען שיקען מעהר. מיר האָבען אַראַנזשירט אַ קאָנצערט און ליטעראַרישען אָוועגד פאַר שבת, דעם 22טען פעברואַר, אין גרויסען „פאָרווערטס“ האָלל. דער גאַנצער פּראָפיט געהט פאַר די מלחמה קרבנות. מיר האָפען, פריינדע, אַז אַלע מעמבערס פון אַ. ר. וועלען קומען זיך פרעהען צוזאַמען מיט אונז און מיט דעם אויך העלפען די מלחמה קרבנות.

י. מיללער, סעקרעטער.

---

## אַ בריעף פון קליוולאַנד

די עפּידעמיע-מגפה איז פאַראַנטוואָרטליך פאַר אַ פאַרשפּעטיגטערען מעמבערשיפּ-קאַמפּיין אין אַלע אונזערע מקומות. דאָס איז אַ מכת מדינה. אָבער קליוולאַנד האָט נאָך אַ הוין דעם גיהאַט אַ קאַר-סטרייק און אונזערע מיטינגען זיינען אָדער גאָרנישט געהאַלטען געוואָרען אויף אַ קורצער צייט, אָדער גאַנץ וועניג באזוכט געווען. עפּעס זיינען פאַראַן סימנים, אַז אפילו אין אונזער לאַנגזאַמער און האַלב-פאַרשלאָפענער קליוולאַנד הויבט זיך אָן אַ שטיקעל אויפלעבונג אין אונזערע אַרבייטער-רינג קרייזען. דאָס וואָס מיר זיינען געוואָרען לעגאַל און געטשאַרטערט געוואָרען אין אָהייאָ סטייט וועט זיך געוויס אָפּרופען אויף אונזער ווייטערדיגער טעטיגקייט.

אונזער סיטי און דיסטריקט אָרג. קאָמיטע איז יעצט פאַרנומען מיט דער אַרבייט פון אויפלעבען דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין, און אַז אַלע וועלען נור צולעגען אַ האַנד, וועט עס געוויס אַוועקגעהן ווי עס דאַרף צו זיין.

מיר פאַרהאַנדלען יעצט די פראַגע וועגען אַ. ר. שולען און קאָנפערירען וועגען דעם. קליוולאַנד איז גרויס גענוג און וואָלט געקענט האָבען אַ שעהנע שולע מיט היבשע עטליכע הונדערט קינדער אַלס אָן אָנהויב, אָבער עס מוזען זיך יאַווען עטליכע ענערגישע טוער, ווען נישט וועט אונזער קליוולאַנד בלייבען אין אַ לעבערליך מאַכט-לאָזער און שוואַכבלוטיגער לאַגע געגען אַנדערע שטעדט.

מיר האָבען אויך אָנגעהויבען צו טון אין דער רעליעף-אַרבייט, וואָס דער אַ. ר. האָט אונטערגענומען. שווער נאָך דערווייל אונטער-צוציהען אַ סך-הכל, אָבער אין אַלגעמיין איז צו האָפען, אַז קליוולאַנד וועט ערפילען איהר הייליגען חוב געגען די מלחמה-קרבנות.

אונזער אָרגאַניזאַציאָנס-אַרבייט ווערט יעצט געטראָגען אין אַוי-ניגע-יוניאָנס, ווי די קלאָוקמייקערס און בעקערס. דערווייל האַלט זיך אין גרינדען אַן אַ. ר. ברענטש פון דעם „פּיינטערס און פּייפּערהענגערס“ קלאָב, וואָס באַשטעהט פון 66 מעמבערס.

לואיס דזשאַספּער

---

ווערטער הערר רעדאַקטאָר פון „פריינד“:

בעסער שפּעטער אוידער קיינמאָל נישט. עס פרעהט מיך ווירקליך, וואָס דער „פריינד“ האָט אָנגעהויבען אַרויסגעגעבען צו ווערען ווי אַ זשורנאַל וואָס וועט האָבען אַ ווערטה נישט נאָר פאַר דעם רעדאַקטאָר אַליין, נאָר אויך פאַר די מעמבערס פון אַרבייטער רינג, און נישט נאָר פאַר די מעמבערס, נאָר אויך פאַר זייערע פאַמיליען, און אויך פאַר דער אויסערער וועלט. אָבוואָהל דער „פריינד“ ענטהאַלט נאָך נישט די לעזעשטאָף, וואָס איך און נאָך טויזענדער מעמבערס וואָלטען פאַרלאַנגט אין איהם צו געפינען, אָבער דער פאַקט אַליין, אַז די פאַרוואַלטער פון אַרבייטער רינג האָבען שוין איינגעזעהען (נאָך יאָהרען לאַנג פאָדערען פון די מעמבערס), אַז דאָס אַרויסגעבען פון דעם „פריינד“ דאַרף געאַנדערשט ווערען. דאָס געפינען דעם פּאַסיגען רעדאַקטאָר און די רעדאַקציע פון די לעצטע פאָר נומערען גיבען האָפנונגען, אַז דער „פריינד“ וועט אַמאָל ווערען דאָס, וואָס ער דאַרף און קען ווערען.

און איך גלויב, אַז דער „פריינד“ קען און דאַרף ווערען דער בעסטער אידישער זשורנאַל פאַר וויסענשאַפט, סאָציאַליזם און ליטעראַטור, מיט אַן אָפּטיילונג פאַר באַריכטען פון דעם אָרדען. נישט אין ערטריבען, קיין אידישער פּאַרטיי אָרדען אָדער אָרגאַניזאַציע האָט אַ צוטריט צו 60,000, אין קורצען 70,000 סובסקרייבער פאַר אַ וויסענשאַפטליכען זשורנאַל. און זאָל די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע פאָדערען פון די מעמבערס די נוטיגע געלד, וועלען מיר דאָס געבען מיט פאַרגעניגען. און אויב אַזאַ אויסגאַבע איז פינאַנציעל מעגליך, דאַן איז דאָס די אויפגאַבע פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע צוצופּאַסען דעם זשורנאַל צו דער הויכקייט פון דעם אָרדען. איך מיין, אַזוי ווי דער אַרבייטער רינג איז די גרעסטע און שעהנסטע אָרגאַניזאַציע ביי דעם אידישען פאָלק, אַזוי דאַרף דאָך דער „פריינד“ זיין דער שטראַהלענדער פאַקעל פון וויסענשאַפט, סאָציאַליזם און ליטעראַטור ביי דעם אידישען פאָלק.

איך האָף איהר טיילט מיין מיינונג און וועט דעם בריעף דרוקען.

מיט אַכטונג, אייער

ב. געלפאַנד.

---

## רעפּאָרט פון דער אונטערנעהמונג פאַר׳ן רעליעף פון אַ. ר. אַראַנזשירט פון בר. 47 און בר. 290 אַ. ר.

### איינגאַהמע:

| | |
|---|---|
| טיקעטס-פאַרקויף פון איינצעלנע קאָמיטע-לייט | $73.50 |
| באַזאַר פון געשענקטע זאַכען | 78.45 |
| פאַר׳ן טראָגען די פלעגס: דובין, בר. 47; בירנבוים, בר. 290 | 7.25 |
| העט-טשעקס | 36.40 |
| טעגס | 17.83 |
| באַר | 104.85 |
| קאָנפעטטי | 14.30 |
| דאָנייטשאָנס פון לאָדזשעס פון פאַרשיעדענע אָרדענס | 40.00 |
| ברענטש 47 פון מעמבער טיקעטס | 30.00 |
| ברענטש 190 פון מעמבער טיקעטס | 36.00 |
| ראָזעלער ברענטש אַ. ר. פאַר טיקעטס | 7.00 |
| היברו עדיוקיישאַנאַל קלאָב, טיקעטס און דאָנייטשאַן | 50.00 |
| טאָטאַל איינגאַהמע | 515.58 |

אַ דאַנק צו פאָלגענדע סאָסייעטיס פאַר זייערע דאָנייטשאָנס: אַ זי, נומ. 1 — 5 דאָל.; עסטרייכער לאָדזש — 3 דאָל.; אַ, זי, נומ. 2 — 5 דאָל.; פרייד לאָדזש — 5 דאָל.; אהבת אחים — 5 דאָל.; נאַצ. אַרב. פערבאַנד — 11 דאָל.; שטערן און גרינבערג — 6 דאָל.; פריינד — נאָוועמבער — 24

| | |
|---|---|
| טאָטאַל איינגאַהמע | $515.58 |
| טאָטאַל אויסגאַבען | 139.14 |
| באַלאַנס | $376.44 |

---

מיר, די מעמבערס פון זשיטאָמירער בר. 331 אַ. ר., דריקען אויס אונזער טיעפסטען דאַנק און העכסטע אנערקענונג צום געוויסענעם רעקאָרדינג סעקרעטער פר. עליעס סטיינבערג פאַר זיין גוטע און אויפריכטיגע אַרבייט.

מיט אַר. רינג גרוס, מ. פרידמאַן, סעק.

# באריכט פון דעם דריטען צוזאמענפאהר פון דער נײשאנאל באארד און דירעקטארס

ניו יארק, דעצ. דעם 27טען, 1918, ארב. רינג אפיס.

דער צוזאמענפאהר ווערט ערעפענט אונטער'ן פארזיץ פון פר. ע. סאקאלאוו, מערילאנד. ראל קאל ווערט געמאכט און די פאלגענדע דירעקטארען זיינען אנוועזענד:

מ. י. אשפיז, ניו יארק; ל. בענענסאן, אילינאיז; ה. דייטש, י. חלק, ראוד איילענד; ה. מיטעלמאן, פענסילוועניא; ה. יאנאווסקי, קאנעטיקוט; ל. מ. יאספער, אהייא; ע. סאקאלאוו, מערילאנד; ב. סלאווין, ניו דזשוירזי; ווס. ראזין, ווירדזשיניא; א. ראסקין, וויסקאנסין; ד. שייער, מינעסאטא; ש. שקלאווין, מישיגען.

פר. י. מאטענקא פון קענעדע איז אבוועזענד.

עס ווערט באשטימט דאס די זיצונגען זאלען געהאלטען ווערען פון 9.30 פריה ביז 1 און פון 2 ביז 6 נאכמיטאג.

דער פאלגענדער טאגעס־ארדנונג ווערט אנגענומען:

1) פראטאקאלען פון פאריגען צוזאמענפאהר.
2) צושריפטען.
3) סעקרעטער'ס באריכט.
4) באריכט פון אונזער קאמיטע אין סאניטאריום.
5) באריכטען פון די סטייטס.
6) עקז. פראטאקאלען און באריכט.
8) באשליסע אויף אפיעלס.
9) רעקאמענדיישאנס צום קאנווענשאן.
10) ערוועהלען א דעלעגאט צום קאנווענשאן.
11) וואהל און בעסטען.

דער סעק. מ. י, אשפיז לעזט פאר די פראטאקאלען פון דעם צווייטען צוזאמענפאהר און זיי ווערען גוטגעהייסען.

די פאלגענדע צושריפטען ווערען פארגעלעזען:

פון י. באסקין, גענ. סעק. — לאזט אונז וויסען, דאס פר. ה. דייטש פון בר. 358 א. ר. איז ערוועהלט געווארען אלס דירעקטאר פון סטייט מעין. — ער ווערט אינסטאלירט.

פון בר. 600 א. ר. — לאדען אונז איין צו זייער צוויי־יאהריגען פעסט, וועלכער ווערט געהאלטען שבת, דעם 28טען דעצ, 1918, אין פארווערטס בילדינג.

די איינלאדונג ווערט אנגענומען, און די פריינדע סאקאלאף און ראסקין ווערען ערוועהלט זיי צו באגריסען אין נאמען פון דער נ. ב. און דירעקטארס.

פון בר. 165 א. ר. פילאדעלפיא — לאדען אונז איין צו זיין פארטראטען צו זייער 10־יאהריגען יובילעאום, וועלכען זיי פייערען דעם 29טען מארטש, 1919.

באשלאסען צו שיקען א באגריסונג.

פון בר. 212 א. ר., נארפאלק, ווירדזשיניא — לאדען אונז איין צו זייער 10־יאהריגען יובילעאום, וועלכער איז אפגעלייגט געווארען און וועט געהאלטען ווערען דעם 12טען יאנואר, 1919.

באשלאסען זיי צו שיקען א באגריסונג.

דער סעק., פר. י. אשפיז, באריכטעט, דאס עס האט אטענדעט צו אלע באשליסע פון דער נ. ב. א. ד. ער האט צו דער עקז. און צו די בראנטשעס געגעבען וויסען שריפטליך וועגען אונזערע ענטשיידונגען פון לעצטען צוזאמענפאהר. ער האט אויך גערופען א מיטינג פון דער גרינעס קאמ. דעם 1טען דעצ. 1918. די קאמ. האט פארהאנדעלט 4 אפיעלס און איהרע רעקאמענדיישאנס וועלען פארגעבראכט ווערען צו דיזען צוזאמענפאהר פאר גוטהייסונג.

ער האט ערהאלטען א צושריפט פון דער נאצ. עקז., פארלאנגענדיג פון איהם, אז ביי די קומענדע זיצונגען פון דער נ. ב. א. ד. זאל באשטימט ווערען איין טאג ספעציעל אויף אויסצוהערען רעפארטס פון די דעפארטמענטס קאמיטעען און פון די נאציאנאלע בעאמטע.

אין זעלבען צושריפט האבען זיי אנגעפרעגט אויב מיר האבען באשטימט וויפיעל טעג אונזער קאמיטע, וואס מיר האבען ערוועהלט אין סאניטאריום, דארף דארט פארברענגען.

אויף דיזען צושריפט האט ער געענטפערט ווי פאלגט:

1) די דעפארטמענטס קאמיטעס ווערען ביי אונז אויסגעהערט לויט פאלגענדער ארדנונג: די בענעפיט, עדוקיישאנאל און גריוועגס קאמיטעען ווערען אויסגעהערט ביי דער צווייטער זיצונג; די סאניטאריום, ארגאניזיישאן און אבים קאמיטעען ביי דער דריטער זיצונג; ביי דער פערטער זיצונג ווערען אויסגעהערט די נאצ. עקז. און דער דזש. סעק.

2) פאר דער קאמ., וואס מיר האבען געשיקט אין סאניטאריום, האבען מיר קיין פינקטליכע צייט ניט באשטימט. עס איז די ערשטע קאמ., וואס די נ.ב. א. ד. האט געשיקט אין סאניטאריום און מיר האבען צו דער קאמ. געהאט צוטרוי, אז זיי וועלען דעם א. ר. אומזיסט קיין טעג ניט אויסברענגען; אבער אויב די קאמ. האט זיך דארטען צופיעל געזוימט, בעסטען מיר אייך צו לאזען וויסען די פאקטען.

אויף דיזען בריעף האט ער מעהר קיין אנטווארט ניט באקומען.

דעם ערשטען דעצ., 1918. האט ער צו די פריינדע ראסקין און ראזין געשיקט לעטערס, דערמאנענדיג זיי, אז זיי דארפען פאר אונזער 3טען צוזאמענפאהר באזוכען דעם סאניטאריום. פר. ראזין האט איהם געלאזט וויסען, אז ער וועט ניט קאנען פאהרען אין סאניטאריום און פר. ראסקין איז דארום אליין געפאהרען און וועט אפגעבען א באריכט.

פר. שייער האט פארלאנגט, אז מען זאל, צוליעב דער אינפלוענציע, אונזער צוזאמענפאהר אפלעגען אויף איניגע וואכען שפעטער. ער האט איהם געענטפערט, דאס אזוי ווי די קאנסטיטושאן לויטעט, אז אונזער צוזאמענפאהר דארף געהאלטען ווערען אין יאנואר, קען ער עס דארום ניט אפלעגען. דיזען ענטפער האט ער געגעבען דערפאר, ווייל צו יענער צייט איז די אינפלוענציע געפאהר שוין געוועזען פארי־איבער. וואלט דאס ניט געוועזען דער פאל, וואלט ער צו דיזען פארלאנג פון פר. שייער גענומען א גאנץ אנדער שטעלונג.

דער באריכט פון סעק, ווערט גוטגעהייסען.

פר. ב. סלאווין, פון דער ערשטער קאמיטע אין סאניטאריום, באריכטעט פאלגענדעס:

עס איז ניט נויטיג איבערצוגעבען אלע איינצעלהייטען, ווייל מיר האבען שוין באריכטעט אין „פריינד", און אויך איז א באריכט געשיקט געווארען צו יעדען דירעקטאר. ער וויל נור צוגעבען, אז די קאמ. האט געקראגען א זעהר פיינע, העפליכע אויפנאהמע. מען האט זיי אלעס געוויזען און ערקלערט און געגעבען אלע נויטיגע אויסקינפטע. רעדענדיג מיט די פאציענטען, האבען זיי געפונען, אז אין אלגעמיין זיינען זיי צופריעדען. עס איז אפילו געוועזען געוויסע קלאגעס פון פאציענטען, אז די סאניטאריום קאמ. לייטע זיינען צו גרויסע בעלי־בתים, אבער אזוי ווי די קלאגעס זיינען ניט פיעל ווערט, איז ניט נויטיג אפילו דערפון צו באריכטען.

עס שטעלט זיך אפ אויף דעם, וואס דר. ראזענבערג, וועלכער איז דאקטאר־מענעדזשער, איז צו אלט און איהם איז שווער צו פארטרעטען ביידע עמטער. ער גלויבט, אז ווען מיר האבען נאך צום דאקטאר א יונגען ענערגישען מענעדזשער, וואלטען וועניגער פראדוקטען געגאנגען אין ניוועץ און מעגליך אז נאך נויטיגע ארטיקלען וואלטען געקאנט ארויסגעבראכט ווערען פון דער פארם אנשטאט וואס מען דארף דאס יעצט קויפען.

פר. סאקאלאף, דער צווייטער קאמיטע־מאן, גיט צו פאלגענדעס: ביים אריינקומען איז ניטא קיין צייכען וואס זאל אנצייגען, אז דאס איז דעם ארב. רינג'ס סאניטאריום. ער פארשטעהט ניט ווארום מען מאכט ניט ביים אריינפאהר א טויער מיט אן אויפשריפט, אז דאס איז דער א. ר. סאניטאריום, אז וויזיטארס זאלען עס גלייך זעהען און ניט דארפען פרעגען וועמעס סאניטאריום עס איז.

דער טייך, אדער אזערע, וואס געפינט זיך דארט, איז אין א שלעכטען צושטאנד און עס איז נויטיג צו ספענדען א געוויסע סומע, צו פארוואנדלען עס אין א וואסער, אויף וועלכען עס זאל זיין אנגענעהם זיך צו שיפען. ווען ער איז אנגעקומען, האט ער געפונען, אז די קאמיטע, וועלכע האבען געהאט „סאפער" צוזאמען מיט'ן סטעף, האבען געקראגען א בעסערען מאלצייט ווי די פאציענטען, און ער וואלט מאקע וועלען וויסען, צי איז דאס געוועזען אן אויסנאהם, אדער דאס איז אלע מאל אזוי. אויב דער סטעף קריגט בעסערע עסען ווי די פאציענטען, דענקט ער, אז דאס מוז זאפארט ווערען אפגעשאפט. ער איז ניט געוועזען צופריעדען מיט דער סיסטעם אין דער לאונדרי, אבער מען האט איהם פארזיכערט, אז עס ווערט אויסגעארבייט א סיסטעם פאר דער לאונדרי, דורך וועלכער מען וועט קענען האבען א קאנטראל אויף אלע ארטיקלען וואס ווערען דארט געוואשען.

איבערהויפט דענקט ער, אז דאקטאר ראזענבערג, וואס פארשטעהט וועניג אידיש, קען זיך מיט די פאציענטען ניט צוזאמענרײדען. גוטע רייד און פריינדליכע באציהונגען טוט אונזערע פאציענטען פיעל גוטעס און עס וואלט נויטיג געוועזען אז דער דאקטאר זאל קענען מעהר אידיש. ער ערקלערט, אז איהם איז געוועזען דערוואונדער, וואס אין סאניטאריום ווערען געהאדעוועט חזירים. ער דענקט, אז אין א אידישער אינסטיטוציע האבען חזירים ניט געדארפט געהאלטען ווערען.

פר. ראסקין, פון דער צווייטער קאמ. אין סאניטאריום, וועלכער איז דארט געוועזען דעם פאריגען דיענסטאג, גיט אפ דעם פאלגענדען באריכט.

דער סאניטאריום אלס אינסטיטושאן מאכט אן אונגעהויער שטארקען איינדרוק, און ווערענדיג איבערגעוועלטיגט פון דיזען איינדרוק איז מעגליך געוויסע זאכען צו פארגעסען, דאך דענקט ער, אז ער האט זיך גענוג אנגעשטרענגט צו קריגען אויסקינפטע וועגען אלצדינג און ער קען זיין באגריף איבערגעבען צו דער נייש. באארד.

ער איז אין סאניטאריום אנגעקומען מאנטאג אבענד צום „סאפער". די פאציענטען, 53 אין צאהל, קריגען לויט זיין מיינונג גענוג צו עסען און פון דאס בעסטע. פון זיין ערפאהרונג זעהט ער קיין אונטערשיעד אין דעם עסען צווישען די פאציענטען און דעם סטעף. עס ווערט געקאכט א מעניו פון א 3—4 פארשיעדענע געריכטען און יעדערער קען זיך אויסקלייבען וואס איהם שמעקט בעסער.

נאך סאפער האט ער פארבראכט מיט די פאציענטען ביז 10 אוהר. די פאציענטען זיינען אלע צופריעדען, אבער זיי דענקען, אז דער דאקטאר דארף ניט זיין דער מענעדזשער פון סאניטאריום. קיין ספע־

ציעלע פאַקטען האָבען זיי פאַר זייער מיינונג ניט אָנגעגעבען, אָבער אַזוי איז זייער סענטימענט.

ער האָט זיך פאַראינטערעסירט אין דעם קאָנטראָל פון די פּראָדוקטען, און איצט ווערט דאָס קאָנטראָלירט דורך אַ ספּעציעלען אָנגעשטעלטען, וועלכער האַלט די פאַרשיעדענע פּראָדוקטען אין אַ סטאָר, און ער פיהרט אַ פּינקטליכע, טעגליכע בוכהאַלטעריע איבער אַלע פּראָדוקטען, וועלכע קומען אַריין אין סטאָר און וויפיעל עס ווערט פאַרברויכט.

דער קעלער איז איצט טרוקען און די „וועדזשעטייבעלס" זיינען אין אַ גוטען צושטאַנד. עס ווערט איצט געמאַכט אַ סיסטעם אין דער לאָנדרי צו קענען אַלעם אָפּטשעקען און קאָנטראָלירען, פּונקט ווי די פּראָדוקטען אין סטאָר.

ער האָט געזעהען, ווי אין דעם אָפּפאַל פון די קויהלען, וואָס ווערט פאַרברויכט אום אויסצוגלייכען דעם באָדען פון סאַניטאַריום, געפינט זיך אַ געוויסער פּראָצענט קויהלען, וועלכע קענען נאָך ווערען געברויכט, ווען מען זאָל עס סאָרטירען. מען האָט איהם ערקלערט, אַז די קאָסטען פון אָנשטעלען אַ מענשען דערפאַר וואָלט געווען גרעסער, ווי די פאַרדיענסט פון די איינגעשפּאָרטע קויהלען.

אויפ'ן באָדען פון סאַניטאַריום האָט ער געפונען פיעל געהילץ, וואָס האָט זיך געוואַלגערט. ער האָט אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז געהילץ דאַרף ניט פוילען אויפ'ן יאַרד און דאָס מען זאָל די געהילץ צונויפקלייבען און האַלטען אין אַ פּלאַץ, וואו זיי וועלען בלייבען אין אַ גוטען צושטאַנד.

ער האָט זיך נאָכגעפרעגט צו וואָס מען האָדעוועט די חזירים, און ער איז אינפאָרמירט געוואָרען, אַז זיי ווערען ניט געהאָדעוועט פאַר פליוש, נאָר כדי זיי זאָלען אויפעסען דעם אָפּפאַל וואָס בלייבט פון די אַרטיקלען, וואָס די פּאַציענטען געברויכען, און דערפאַר, ווייל זייער מיסט איז נויטיג פאַר'ן פאַרם. אַ געוויסע צאָהל ווערט אַלע מאָל פאַרקויפט און עס איז מעגליך, אַז מען וועט נאָך דערפון מאַכען פּראָפיט.

ער גיט אויך איבער, אַז די פּאַציענטען ווילען עס זאָל אָנגעשטעלט ווערען אַ ספּעציעלער שומר, אָדער אַ „נוירס", אויף ביינאַכט. עס פּאַסירט, אַז אַ פּאַציענט פיהלט שלעכט אין מיטען נאַכט און ער מוז אויפוועקען אַ צווייטען פּאַציענט צו לויפען נאָכ'ן דאָקטאָר. דאָס איז שעדליך פאַר ביידען. די פּאַציענטען האָבען אויך פאַראיבעל אויף דער אַדמיניסטראַציע ווארום זיי האָבען צוגענומען די „טשערס" פון „פּאָרטש" אין סאַניטאַריום. די פּאַציענטען פון האָספּיטאַל, געהענדיג פון איין פלאָר אויפ'ן צווייטען, פלעגען זיך דאָרט אַ ווײַלע אָפּרוהען, יעצט קענען זיי עס ניט מעהר.

עס ווערט באַשלאָסען צו פאַרהאַנדלען דעם באַריכט ביי דער צווייטער זיצונג און דערמיט ווערט די ערשטע זיצונג געשלאָסען.

---

צווייטע זיצונג, פרייטאַג, נאָכמיטאַג, דעם 27טען דעצ. אַלס טשערמאַן פר. שקלאַווין.

דער באַריכט פון סאַניטאַריום ווערט פאָרגענומען:

דוי, מעין: קען די קאָמ. געבען מעהר אינפאָרמאַציאָן וועגען דער פאַרם און וויפיעל אייער די טשיקענס לעגען יעצט?

חלק, רהאָוד איילאנד: קען דער מאַן וואָס פּאַסט אויף אויף די „באָילערס" ניט געפינען קיין צייט צו זעהן, אַז אין אָפּפאַל זאָל ניט פאַרבלייבען קיין קויהלען?

יאַספּער, אָהייאָ: האָט עס פּאַסירט מען זאָל דער קאָמ. אַמאָל טאַדלען פאַר שלעכטע אַרבייט, אָדער פאַר פאַרנאַכלעסיגונג, פּונקט ווי מען דאַנקט דער קאָמ. פאַר איהרע גוטע אַרבייט?

דער טשערמאַן פר. שקלאַווין ערקלערט די אַלע פראַגען אויסער אָרדער. זיי דאַרפען געשטעלט ווערען ניט צו אונזער קאָמ., נאָר צו דער סאַניטאַריום קאָמ., וועלכע קען דיעזע פראַגען פאַרענטפערען.

פר. ראַסקין ענטפערט אויף איניגע פראַגען ווי פאָלגט: די טשיקענס לעגען איצט 25 דאָזען אייער אַ טאָג, אָבער אין זומער לעגען זיי 95 ביז 100 דאָזען אייער. אויף צו בעאַרבייטען די פאַרם האָבען זיי אַ „באָי", וועלכער איז זומער אַ פאַרמער און ווינטער האָט ער אַנדערע אַרבייט, און פיעלע פּראָדוקטען וואָס ווערען איצט געברויכט זיינען פון דער פאַרם.

דער באַריכט פון סאַניטאַריום ווערט גוטגעהייסען.

עס ווערט דאַן פאָרגענומען וואַהל פאַר אַ קאָמ., וועלכע זאָל דעם סאַניטאַריום באַזוכען פאַר אונזער 4טען צוזאַמענפאָהר. די פריינדע ש. שקלאַווין און ל. בענענסאָן ווערען ערוועהלט. די פריינדע דוי און יאַספּער ווערען ערוועהלט אַלס סאַבסטיטוטס.

עס ווערט באַשלאָסען ניט צו לעזען די פּראָטאָקאָלען פון דער נאַצ. עקז. קאָמ., ווייל די פּראָטאָקאָלען ווערען פאַרעפענטליכט אין „פריינד" און זייער אינהאַלט איז צו די דירעקטאָרען באַקאַנט. וואָס אַנבאַלאַנגט די יעניגע פּונקטען, וואָס געפינען זיך ניט אין די פּראָטאָקאָלען, וועט פר. עפּשטיין באַריכטען מינדליך.

פר. אב. עפּשטיין באַריכטעט פאַר דער נאַצ. עקז. קאָמ.

די לעצטע קאָנווענשאָן האָט בעאויפטראַגט דער עקז. צו מאַכען דעם אַ. ר. לעגאַל אין אַלע סטייטס, וואו ער טוט ביזנעס. אַ קאָמ. פון 5 איז ערוועהלט געוואָרען, וועלכע האָט זיך ענערגיש גענומען צו דיעזער אַרבייט. ער האָט דעם פאַרגעניגען צו מעלדען, אַז דער אַ. ר. האָט דורך דער צייט אַרויסגעקראָגען 14 נייע טשאַרטערס, 13 טשאַרטערס פון סטייטס אין די פאַראייניגטע שטאַאַטען און 1 טשאַרטער פון אַ סטייט אין קענעדע.

די 13 סטייטס זיינען די פאָלגענדע: אַלאַבאַמאַ, קאָלאָראַדאָ, פלאָרידאַ, דזשאָרדזשיאַ, לואיזיאַנאַ, מעין, מישיגען, נעבראַסקאַ, ניו המפּשייר, אָהייאָ, וואַשינגטאָן, וועסט ווירדזשיניאַ און יוטאַ. פון קענעדע איז דער סטייט מאַניטאָבאַ.

מיט די סטייטס קאַליפאָרניאַ, איאָוואַ, אינדיאַנאַ, מיסיסיפּי, מיזורי, טעקסעס, טענעסי און קוויבעק און אָנטאַריאָ פון קענעדע שטעהען מיר אין פאַרבינדונגען.

מיר שטעהען אויך אין פאַרבינדונג מיט נאָך סטייטס, אָבער יענע פאָדערען ספּעציעלע איינפיהרונגען, אָדער ענדערונגען אין אונזער קאָנסטיטושאָן, וואָס דאַרף נעהמען צייט. עס זיינען אַזעלכע פראַגען, וואָס עס איז אונמעגליך פאַר דער עקז. צו באַשליסען. און די פראַגען ווערען געבראַכט ווערען צום קאָנווענשאָן.

דיעזער פאַקט איז זעהר ערפרעהענד פאַר אונז. די מלחמה איז שוין איצט פאַקטיש צו ענדע, און די קומענדע אימיגראַציע וועט פאַר'ן אַ. ר. שאַפען גרויסע מעגליכקייטען אַ דאַנק זיין לעגאַליטעט.

די קאָנווענשאָן האָט באַוויליגט 3000 דאָלאַר פאַר פאַרשיעדענע האָספּיטעלער. די עקז. האָט דיעזען באַשלוס ניט דורכגעפיהרט דערפאַר, ווייל געבען בלויז צו איניגע איז ניט ראַטזאַם און צוטיילען צווישען אַלע האָספּיטעלער, וואָלט אויף יעדען חלק אויסגעפאַלען אַ צו קליינע סומע. די פראַגע ווערט דאַרום צוריק געבראַכט צום קאָנווענשאַן.

אונזער לאַנד איז מיט אַ קורצער צייט צוריק געטראָפען געוואָרען פון אַ גרויסען אומגליק, דאָס איז די „אינפלוענציע". דיעזע מגפה האָט ניט פאַרפעהלט צו ברענגען אַ גרויסען שאָדען צום אַ. ר. די צאָהל טויטענפעלע האָט זיך אונגעהויער פאַרמעהרט און דאָס זעלבע איז דער פאַל מיט'ן קראַנקען בענעפיט. אַ חוץ דעם האָט עס פאַראַליזירט אונזער גאַנצע טעטיגקייט פון אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבייט. די לאַגע פון די קראַנקע איז ניט צום שילדערען. מענשען האָבען איניגע טעג נאָכאַנאַנד געוואַרט אויף אַ דאָקטאָר און ניט געקאָנט קריגען. די געשטאָרבענע זיינען אין מאַנכע שטעדט געלעגען איניגע טעג ביז זיי זיינען געקומען צו קבורה. דער געשריי איז געווען הערצרייסענד און די עקז. איז געווען הילפלאָז, ניט האָבענדיג קיין פאָנדס צו באַנוצען אין אַ נויטפאַל.

ניט קענענדיג בלייבען פּאַסיוו צו דיעזען צושטאַנד האָט די עקז. באַשלאָסען צו ספּענדען אַ טייל געלד פון די 3000 דאָלאַר, וואָס איז באַוויליגט געוואָרען פאַר די האָספּיטעלער. עס איז אַראָפּגעבראַכט געוואָרען דר. היבש פון אונזער סאַניטאַריום און צוזאַמען מיט אַ גרופּע נוירסעס איז עטאַבלירט געוואָרען אַן אָפּטיילונג פון שנעלע הילף. פאַר דער קורצער צייט, וואָס דיעזער מעדיציני שער קאָרפּוס האָט געאַרבייט, זיינען אַטענדעט געוואָרען אַריבער 300 קייסעס, אַזעלכע, וואָס האָבען קיין אַנדער דאָקטאָר ניט געקאָנט קריגען — און פיעלע לעבענס זיינען דורך דעם געראַטעוועט געוואָרען פון אַ זיכערען טויט. געוויסע סומען זיינען אויך באַוויליגט געוואָרען צו אַנדערע שטעדט אום די מגפה צו באַקעמפען. ער איז ניט אימשטאַנד איבערצוגעבען דעם איינדרוק, וואָס דיעזע הילף האָט געמאַכט אויפ'ן קוואַרטאַל.

אָבער דאָס ענדערט ניט דעם פאַקט, אַז דיעזע געלדער זיינען געספּענדעט געוואָרען ניט געזעצליך און ער פאַרלאַנגט פון דער נ. ב. גוטצוהייסען דיעזע האַנדלונג. עס וואָלט אויך געווען נויטיג צו באַשטימען ביים קאָנווענשאַן אַ ספּעשעל עמוירדזשענסי פאָנד, וואָס זאָל געהאַלטען ווערען פאַר אַזעלכע צופעלע.

דורך אַ רעפערענדום איז מיט אַ יאָהר צוריק באַשלאָסען געוואָרען, אַז די יעניגע וועלכע זיינען אין דעם דרעפט־עלטער קענען אַריינגענומען ווערען נור אין 4טען קלאַס. דיעזע רעסטריקשאָן איז אַרונטערגענומען געוואָרען פון דער עקז. גלייך ווי וואַפען־שטילשטאַנד איז ערקלערט געוואָרען.

פר. עפּשטיין געהט דאַן איבער צו אונזער קאַמפּיין פאַר 70,000 מעמבערס ביז צו דער נעכסטער קאָנווענשאַן.

פון זיינע רייזען איבער די פאַרשיעדענע שטעדט אין אַמעריקאַ, איז ער געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז עס וואָלגערען זיך פּשוט מעמבערס פאַר'ן אַ. ר. אין די גאַסען און דער אַרב. רינג נוצט ניט אויס זיין פולע מעגליכקייט דיעזע פריינדע אַריינצונעהמען.

מיר מאַכען אַלע פאַרשיעדענע באַשליסע, אָבער מיר זעהען ניט צו קריגען די נויטיגע קרעפטען דיעזע באַשליסע דורכצופיהרען. אין קיין שטאָדט ווערט ניט גענוג געטאָן פאַר'ן אַ. ר. אין באַצוג צו נייע מעמבערס און מיר פאַרנאַכלעסיגען אויסצונוצען די געלעגענהייט. די קוואַליטעט פון די נייע מעמבערס איז אויך קיין פאַל ניט ערגער ווי די אַלטע און אַ פאַרגרעסערטער אַ. ר. מיינט מעהר מעגליכקייטען פאַר אונזערע אידעאַלען.

מיר מוזען ביז צום קאָנווענשאַן נאָך אַריינגעהמען אַ 10—12 טויזענד נייע מעמבערס און מיר קענען עס לייכט אויספיהרען, ווען יעדער עקז. מעמבער, יעדער דירעקטאָר און טעטיגער מיטגליעד וועט פאַרשטעהן זיין פּאָזיציע און וועט סטימולירען די אַרבייט אין זיין שטאָדט און ספּייט לויט דעם אַלגעמיינעם אויסגעאַרבייטען פּלאַן.

מיר זיינען נאָך ניט אַריינגעדרונגען אין די יוניאָנס. דער אַ. ר. וועלכער העלפט אַלע יוניאָנס אין זייערע קעמפע, מעג מיט רעכט פאַרלאַנגען, אַז די פיהרער פון די יוניאָנס זאָלען זיך פאַרהאַלטען מעהר סימפּאַטיש צו אונז און בעאיינפלוסען יעדען יוניאָן־מאַן צו זיין אויך אַן אַ. ר. מעמבער.

ער אַפּעלירט צו די מיטגליעדער פון דער באָארד צו העלפען ענערגיש אין דער אַרבייט און מאַכען, אַז דיעזער יאָהר זאָל זיין אַן ערפאָלגרייכער אין אַריינגעהמען נייע מעמבערס.

דער אַ. ר. האָט אויך דיעזען יאָהר זיך פאַרפליכטעט צו שאַפען 25,000 דאָלאַר פאַר די מלחמה קרבנות. דיעזע אַרבייט איז איבער־

געגעבען געוואָרען צו דער סאַניטאַריום קאָמ., צו וועלכער עס איז צוגעזעצט געוואָרען אַ צווייטע קאָמ. פון דער עקז. אַלס גאַנצע. מען וועט דיעזען יאָהר וויעדער פאַרוואַנדלען דעם סאַניטאַריום־טאָג אין אַ רעליעף־טאָג. און די אונטערנעהמונגען, וואָס מיר מאַכען יעדען יאָהר אין דיעזען טאָג פאַר'ן סאַניטאַריום, וועלען אָוועקגעגעבען ווערען פאַר'ן רעליעף. ער אַפּעלירט צו דער נאַציאָנאַל באָארד, אַז יעדערער אין זיין שטאָדט זאָל אַרבייטען צו מאַכען אַזעלכע אונטערנעהמונגען פאַר'ן רעליעף איבער'ן גאַנצען לאַנד. עס איז ניט שווער צו שאַפען די פאַרפליכטעטע סומע פאַר'ן רעליעף, ווען מיר זאָלען עס נור וועלען. דאָס וועט פון איין זייט געבען דעם אַ. ר. פיעל פרעסטיזש און עס וועט אויך אָנגעהאַלטען ווערען דער סאַניטאַריום יום־טוב, און דאָס איז פאַר אונז אויך וויכטיג. ווען די מלחמה וועט זיין פאַרענדיגט און מען וועט מעהר ניט זאַמלען פאַר'ן רעליעף, וועלען דיעזע אונטערנעהמונגען באַנוצט ווערען פאַר דער דורכפיהרונג פון אונזער סאַניטאַריום־בילדונג פלאַן.

דער אַ. ר. האָט זיך פאַרפליכטעט צו שאַפען 10,000 דאָלאַר פאַר דעם מיליאָן דאָלאַר פאָנד פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. עס איז נור געשאַפען געוואָרען אַרום 7,000 דאָלאַר, ווייל די עפּידעמיע האָט זיך אַריינגערוקט אין מיטען קאַמפּיין. אונטער די אומשטענדען איז די סומע אַן ערפאָלג.

די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען האָבען דעם פאַרגאַנגענעם מאָנאַט געפייערט זייער 30־יאָהריגען יובילעאום. דער אַ. ר. איז דאָרט געווען פאַרטראָטען און מיר האָבען זיי אויך געגעבען אַן אַדווערטייזמענט אין זייער זשורנאַל, וואָס זיי האָבען אַרויסגעגעבען לכבוד דעם יובילעאום.

פר. עפּשטיין שטעלט זיך אָפּ אויף דער ענדערונג צום גוטען, וואָס איז די לעצטע יאָהרען אַריינגעטראָטען אין דער אידישער אַרבייטער־גאַס צווישען די פאַרשיעדענע צווייגען פון דער באַוועגונג. אנשטאָט וואָס פריהער פלעגען די געווערקשאַפטען, די אינטערנעישאָנאַלס, דער אַ. ר., דער „פאָרווערטס" און די אידישע פעדעראַציע האַנדלען באַזונדער, פיהרען מיר איצט אַ געמיינשאַפטליכע טעטיגקייט, אַלגעמיינע האַנדלונג און אַ פאַראייניגטע אַרויסטרעטונג אין אַלע אידישע און געזעלשאַפטליכע פראַגען. מיר האָבען צוזאַמען גערופען אַ פּראָטעסט מיטינג אין מעדיסאָן סקווער גאַרדען געגען די פּאָגראָמען אין פּוילען און גאַליציען און מיר האָבען צו די אויסגאַבען פון דיעזער פאַרזאַמלונג בייגעשטייערט אונזער חלק אַרום 110 דאָלאַר. מיר האָבען זיך צוזאַמען באַשלאָסען צו רופען אַ קאָנפערענץ פון אַלע אַרבייטער אָרגאַניזאַציאָנען, וואו עס איז באַשלאָסען געוואָרען זיך צו באַטייליגען אין אידישען קאָנגרעס און אויפצולעבען די נאַציאָנאַלע אַרב. קאָמ.

דער אַ. ר. איז געווען פאַרטראָטען ביים אידישען קאָנגרעס דורך פר. מ. ווינבערג. דער באַשלוס צו שיקען אַ דעלעגאַט איז אָנגענומען געוואָרען נאָך לאַנגע און שאַרפע דיסקוסיאָנען. דאָס איז אַ באַווייז, אַז ביי אונז איז פאַראַן מיינונגס־פאַרשיעדענהייט, אָבער כאָטש חלוקי דעות זיינען פאַראַן און מוזען זיין, אַרבייט אָבער דאָך די עקז. האַרמאָניש און באַציהען זיך מיט רעספּעקט צום צווייטענס מיינונג.

דער אַ. ר. האָט אויך אַ חלק אין דער צוזאַמענרופונג פון דעם אידישען אַרב. קאָנגרעס, וואָס וועט שטאַטפינדען דעם 10טען יאַנואַר, 1919. דער אַ. ר. פון ניו יאָרק קריגט צו דער קאָנווענשאָן 50 פאַרטרעטער, וועלכע וועלען ערוועהלט ווערען ביי אַ קאָנפערענץ.

מיר זיינען געווען אַנוועזענד צו דער קאָנווענשאָן פון דער פיפעלס רעליעף אין קליוולאַנד און מיר האָבען זיך אָנגעשלאָסען אָן דער אידישער קאָאָפּעראַטיווער פעדעראַציע. די באַוועגונג פאַר קאָאָפּעראַטיוועהן האָט די לעצטע צייט געמאַכט פיעל פּראָגרעס אין דער ראַדיקאַלער אידישער גאַס. אין פיעלע שטעדט און שטעדטלאך ווערען געגרינדעט בעקעריס, גראָסעריס און ז. וו. און אַזאַ אָרגאַניזאַציאָן ווי דער אַ. ר. דאַרף אין דיעזען צווייג פון דער באַוועגונג זיין פאַרטראָטען.

פר. עפּשטיין קעהרט זיך אום צוריק צו דער עפּידעמיע. ער ערקלערט, אַז די מגפה האָט פאַרצעהרט כמעט אונזער גאַנצען סוירפּלוס פון קראַנקען בענעפיט פאָנד און די געפאַהר איז נאָך ניט פאַראיבער און מעגליך, אַז מען וועט נאָך דאַרפען לעגען אַ קליינעם טעקס אויף די מעמבערס. אָבער מיר זיינען אָהן צווייפעל אין אַ פיעל בעסערער לאַגע ווי די אַנדערע אָרדענס, וועלכע האָבען געמוזט לעגען אַ גרויסען טעקס פון עטליכע דאָלאַר אויף יעדען מעמבער, אָדער האָבען פאַרצעהרט אַ זעהר גרויסע סומע פון זייערע רעזערוו פאָנדס.

פר. עפּשטיין ענדיגט זיין רעפּאָרט מיט דער ערקלערונג, אַז די פּאַסירונגען פון די לעצטע עטליכע וואָכען... פאַנגען אָן אַריינצוגיסען נייעס לעבען אין דער טעטיגקייט פון די אַ. ר. טוער און אונזערע פלענער, וואָס מיר האָבען אונטערנומען, האָפען מיר דורכפיהרען ערפאָלגרייך, ביז צו דער נעקסטער קאָנווענשאָן.

פאָלגענדע אינטערפּעלאַציאָנען ווערען געשטעלט צו פר. עפּשטיין.

שייער: וואָרום האָט דער אַ. ר. זיך באַטייליגט אין אידישען קאָנגרעס?

חזק: צו וואָס איז נאָך נויטיג אַ אידישער אַרבייטער־קאָנגרעס?

בענענסאָן: וואָס טוט מען דורכצופיהרען דעם באַשלוס פון קאָנווענשאָן וועגען העכערען דעם טויטען בענעפיט?

סאָקאָלאָף: איז די יעצטיגע פאַרוואַלטונגס־פאָרם אַ סוקסעס? וואָרום שטעלט די עקז. ניט אָן קיין באַצאָהלטע אָרגאַניזערס, מיט וועלכע מיר וואָלטען אונזערע אָרגאַניזאַציאָנס־פּלענער בעסער דורכגעפיהרט?

יאָספער: פון וועלכע פאָנדס דעקען מיר די קאָסטען פון אונזערע געזעלשאַפטליכע אַרבייט?

שקלאָווין: מיר דאַרפען אָרגאַניזערס דערפאַר, ווייל די אייגענע קרעפטען קענען ניט אַליין דורכפיהרען די אַרבייט. די נ. ב. מעמבערס ווייסען וואָס זיי קענען. עס איז נויטיג, אַז פון צייט צו צייט זאָל קומען אַ נייער מענש די אַרבייט אָפּצופרישען.

אַשפּיז: שטעלט זיך אָפּ אויף פר. עפּשטיינ'ס באַמערקונג וועגען די מעמבערס פון דער נ. ב. א. ד. עס קען קיין רייד ניט זיין פון וועלכע ניט איז ממשות'דיגע אָרג. אַרבייט, וואָס זאָל פון די דירעקטאָרען דורכגעפיהרט ווערען אין דער צייט וואָס זיי האָבען אפילו ניט דאָס רעכט צו ספּענדען איין אייינציגען סענט. אויף דעם און אַרבייט איז פאַרבונדען מיט עקספּענסעס.

ער דענקט אויך, אַז עס איז ניט מעגליך פאַר די יוניאָן אָפיסערס צו אַגיטירען פאַר'ן אַ. ר. אין די יוניאָנס. עס וואָלט נור געגעבען שטאָף צו מאַכען „קיקערס" אַזאַ בעאַמטען אַרונטערצורייסען. די עקז. האָט בעסער געדאַרפט שרייבען אַרטיקלען וועגען אַ. ר. אין דער יוניאָן־פּרעסע.

פריינד א. עפּשטיין ענטפערט אויף די אינטערפּעלאַציאָנען.

1) דער אַרב. רינג האָט באַשלאָסען זיך באַטייליגען אין קאָנגרעס דערפאַר, ווייל מיר האָבען געפיהלט, אַז ווען די געווערקשאַפטען, די פעדעראַציע און דער „פאָרווערטס" האָבען באַשלאָסען יאָ צו זיין פאַרטראָטען, וואָלט אונזער אַבוועזענהייט אַרויסגעשטעלט פאַר דער וועלט די צוריסענקייט פון די פאַרשיעדענע צווייגען פון דער באַוועגונג און מיר האָבען בעסער געוואָלט דעמאָנסטרירען אונזער אייניגקייט.

2) די פראַגע צו וואָס מען דאַרף נאָך אַ אידישען אַרבייטער־קאָנגרעס, איז אַ פראַגע צום דעבאַטירען. יעדערער איז נאַטירליך באַרעכטיגט צו זיין אייגענער מיינונג. די עקז. אָבער דענקט, אַז עס בלייבען נאָך גענוג וויכטיגע פראַגען, פאַר וועלכע עס איז נויטיג, אַז אַ אידישער אַרבייטער־קאָנגרעס זאָל גערופען ווערען.

3) די פראַגע וועגען העכערען דעם טויטען בענעפיט איז אין די הענט פון אַ קאָמיטע, וועלכע איז נאָך ניט פאַרטיג מיט איהר אַרבייט.

4) די עקז. האָט די פראַגע פון דער פאַרוואַלטונגס־פאָרם נאָך ניט דיסקוטירט. אינדירעקט קען ער זאָגען אין נאָמען פון דער עקז., אַז זייער סענטימענט איז, דאָס אַן עקז. פון 30 מענשען איז אַ דורכפאַל.

ער איז איינשטימיג מיט די פריינדע סאָקאָלאָף און שקלאָווין, אַז אָרגאַנייזערס וואָלטען אויפגעטאָן פיעל גוטעס, אָבער דער סענטימענט אין אַרב. רינג איז געגען פערמאַנענטע אָרגאַנייזערס, און אָנשטעלען פאַר טעמפּאָרארי, ד. ה. פאַר אַ דריי אָדער פיער מאָנאַטען, איז ניטאָ ווער עס זאָל אָננעהמען.

5) די קאָסטען פון אונזער געזעלשאַפטליכע אַרבייט ווערען געדעקט פון דעם אַדמיניסטריישאָן פאָנד.

6) אויף די טענות פון פר. אַשפּיז, וויל איך ענטפערען, אַז פאַר אָרג. אַרבייט איז אין אַ. ר. פאַראַן נור איין פאָנד און יעדער דירעקטאָר וואָס וועט קענען אָנצייגען, אַז ער איז אימשטאַנד און פעהיג דורכצופיהרען געוויסע אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבייט, וועט אין עקספּענסעס קיין מניעה ניט זיין.

וואָס אַנבאַלאַנגט שרייבען אַרטיקלען אין דער יוניאָן־פּרעסע איז ניט אָפּט מעגליך אויס מאַנגעל אין קרעפטען. ער האַלט זיך אָבער ביי זיין מיינונג, אַז די בעאַמטע פון די יוניאָנס קענען שאַפען אַ סענטימענט פאַר'ן אַ. ר. אין די יוניאָנס, ווען זיי וואָלטען עס נור געוואָלט.

דער באַריכט פון פר. עפּשטיין ווערט גוטגעהייסען און אַ דאַנק ווערט אויסגעדריקט צו דער נאַצ. עקז. קאָמ. און צום באַריכטאָפּגעבער.

די דירעקטאָרען באַריכטען דאַן פון זייערע סטייטס.

ס א ק א ל א ף, מערילאַנד: די עפּידעמיע האָט פאַראורזאַכט אַ שטילשטאַנד אין דער אַרבייט. דאָס האָט פּאַסירט פּונקט דאַן, ווען די אַרבייט פאַנגט זיך געוועהנליך אָן. איצט, ווען די עפּידעמיע איז איינגעשטילט, איז געוואָרען מעהר לעבעדיג און די בראַנטשעס אַרבייטען טיכטיג פאַר זייער מעמבערשיפּ קוואָטא. זיי האָפען צו ברענגען צום קאָנווענשאָן פרעהליכע רעזולטאַטען.

י אַ ס פּ ע ר, אָהייאָ: דאָס וואָס דער אַ. ר. איז געוואָרען געזעצליך געטשאַרטערט אין זייער סטייט האָט אַריינגעגאָסען אַ שטראָם פון נייעם לעבען אין די בראַנטשעס און ער האָפט, אַז אָהייאָ וועט זיך ניט האָבען צו שעהמען געגען מערילאַנד.

ד י י, מעין: אין דעם סטייט זיינען פאַראַן אַרום 1200 אידישע פאַמיליעס און דער אַ. ר. האָט אַרום 300 מעמבערס. דאָס איז פּראָפּאָרציאָנעל אַ זעהר גרויסע צאָהל. אין אַלגעמיין זיינען די 6 בראַנטשעס פון דיעזען סטייט איבערגעבען און טוען אַלעס צו מאַכען דעם אַ. ר. גרעסער און שעהנער. אָבער לעצטענס האָט זיך אַריינגעכאַפּט דער וואָרעם פון מחלוקות און ער דענקט, אַז די נ. ב. קען עפּעס טאָן דערצו. (די איינצעלהייטען ווערען באַריכטעט אין ראַפּאָרט פון דער אָרג. קאָמיטע).

ר א ס ק י ן, וויסקאָנסין: די „פּלו" האָט אויך זייערע אָרג. פּלענער צושטערט, אָבער דאָך, ווי נאָר עס איז אַביסעל שטילער געוואָרען, האָבען זיי זיך גענומען צו דער אַרבייט און האָבען שוין אַריינגענומען אַ העלפט נייע מעמבערס פון זייער קוואָטא. זיי האָבען

אין מילוואקי אן ארקעסטער, דראמאטיק־קלאב און א געזאנגס־פאראיין (בשותפות מיט א צווייטע ראדיקאלע ארגאניזאציאן), אבער דיעזע אינסטיטוציאנען אויסצוהאלטען קאסט א סך געלד און זיי רעכענען זיך צו ווענדען צו דער עדיוקיישאנאל קאמ. נאך הילפע.

חלק, רהאוד איילאנד: דער הויפט צענטער איז פראווידענס. זיי טוען זייער בעסט. זיינען דיסאפאינטעט וואס פראווידענס איז דורכגעפאלען ביים רעפערענדום, אלס די שטאדט, וואו די נעקסטע קאנווענשאן זאל געהאלטען ווערען. זיי האבען דארט א „סאנדיי סקוהל" און פיהרען דורך א סעריע לעקטשורס און האלטען אויך אפטע דיסקוסיאנען איבער פארשיעדענע פראגען.

שיער, מינעסאטא: די ברענטשעס זיינען געוועזן טעטיג אין זאמלען געלד פאר'ן 10,000 דאלאר פאנד פאר דער סאציאליסטישער פארטיי. זיי האבען דאס געלד ניט געשיקט צום דזש. אפיס, נאר עס אויסגעגעבען אין זייער ארטיגען קאנגרעשאנאל קאמפיין. זיי מאכען אן אונטערנעהמונג פאר די מלחמה קרבנות און ווילען אין גיכען האבען א קינדער־שולע, אין וועלכער מען וועט לערנען אויף אידיש און ענגליש.

זיי טוען אויך גוטע ארג. ארבייט און ער האפט דאס צום קאנווענשאן וועט זייער סטייט מאכען א סורפריוז.

בענענסאן, אילינאיז: אין שיקאגא האט זיך אנגעפאנגען א גרויסע טעטיגקייט פאר נייע מעמבערס. זיי האבען שוין אינסטאלירט 3 נייע ברענטשעס און וואלטען פיעל מעהר אויפגעטאן, ווען ניט די „פלו", וועלכע האט אפגעשטעלט די גאנצע ארבייט.

די לעצטע צייט איז ביי זיי געוועזן פר. עפשטיין, ער האט געהאט א דזשאינט מיטינג און א מאסענפארזאמלונג און דאס האט אויפגעלעבט די ארבייט. זיי ארבייטען איצט אויס א פלאן צו גרינדען א טעגליכע אידישע קינדער־שולע.

יאנאווסקי, קאנעטיקוט: ער קאן בלויז בעריכטען פון הארטפארד. פון אנדערע צענטערס וייס ער ניט, ווייל ער האט ניט די מעגליכקייט זיי צו באזוכען און שטעהט ניט מיט זיי אין קיינע פארבינדונגען. זיי ארבייטען טעטיג פאר זייער קוואטא. בר. 15 האט ביי זיין 18־יעהרליכען מיטינג פארגעשלאגען 40 נייע מעמבערס. זיי האפען זייער קוואטא איבערצושטייגען.

ווען די מגפה האט אויסגעבראכען האבען זיי פארררופען א דזשאינט מיטינג פון אלע ברענטשעס פון הארטפארד. יעדער מעמבער איז געטעקסט געווארען מיט 5 דאלאר צו העלפען די קראנקע. עס איז שוין געזאמעלט געווארען 1000 דאלאר, פון וועלכע זיי האבען א העלפט געגעבען צו די שטאדט טשאריטיס, וועלכע האבען אויך געטאן הילפס־ארבייט. דיעזער פאקט האט געמאכט א זעהר גוטען איינדרוק. פאר די מלחמה קרבנות פאנגען זיי איצט אן צו ארבייטען און זיי האפען צו שאפען א באדייטענדע סומע.

זיי האבען אין הארטפארד א קאאפעראטיווע בעקערי, וועלכע קאסט זיי 1200 דאלאר און דער פרייז פון ברויט אין זייער שטאדט איז נור 7 סענט א פונט.

סלאווין, ניו דזשוירזי: האבען געשאפען 700 דאלאר פאר'ן צעהן טויזענד דאלאר פאנד און איצט רופען זיי א קאנפערענץ צו העלפען די מלחמה קרבנות. זיי פיהרען אן א טיכטיגען ארג. קאמפיין. זייער קוואטא פאר ניו דזשוירזי איז 660 מעמבערס, האבען זיי עס צוטיילט פראפארציאנעל אויף אלע ברענטשעס און זיי ערווארטען גלענצענדע רעזולטאטען. זיי רופען מאסענפארזאמלונגען פאר'ן ארבייטער רינג און זיי צוטיילען דארט אפליקיישאנס. יעדער קאנדידאט קען אויפשרייבען אין וועלכען ברענטש ער וויל אריינגעהן. דיעזער איינפאל איז אויך א סוקסעס.

זיי געהען איצט שאפען א קאאפעראטיווע בעקערי אין נוארק און דאס וועט פארקלענערען דעם פרייז פון ברויט. זיי ווילען דארויף האבען א פאנד פון 4000 דאלאר. דעם נעקסטען מאנאט וועט זיך אויך עפענען די ערשטע אידישע קינדער־שולע.

פר. סלאווין, דענקט, אז נאך מעהר גוטע ארבייט וואלט געקאנט געטאן ווערען, ווען עס וואלט געוועזן מעהר איניגקייט צווישען די אקטיווע מעמבערס. עס איז ניט קיין פרינציפיעלע מיינונג־פארשיעדענהייט און די באוועגונג לייד׳ט דערפון זעהר. ער אפעלירט צו דער נ. ב. א. ד. צו טאן עטוואס, אז עס זאל ווערען שלום.

ראזין, ווירדזשיניא: זייער סטייט איז אין א שטילשטאנד. עס איז טיילווייז די שולד פון דער נאצ. עקז. געוויסע פארטרעטער פון אנדערע ארדענס האבען אויף מאסענפארזאמלונגען אטאקירט דעם א. ר. און געמאכט וועגען איהם פאלשע סטייטמענטס, און זיי האבען גערופען ספעציעלע מיטינגען דיעזע סטייטמענטס אפצולייקענען. זיי האבען קיין קוואטא פון אפיס ניט געקראגען. זיי טוען זייער ארבייט וויפיעל די כחות ערלויבען, אבער די ווירקונג פון איינגענע איז באגרענצט און א נייער מענש ווייזט זיך זעלטען.

זיי טרייען אויך צו זאמלען פאר'ן רעליעף, צו וועלכען זיי האבען אין פאראויס געמאכט פארפליכטונגען אויף געוויסע סומען.

טייטעלמאן, פענסילווייניא: די „פלו" איז געוועזן צו גאסט אין פילאדעלפיא פונקט ווי אין אלע אנדערע שטעדט. דער „אנדערטייקער" האט אפגעבראכען דעם קאנטראקט און טויטע זיינען געלעגען איניגע טעג ביז זיי זיינען געקומען צו קבורה.

די טעטיגע מעמבערס האבען זיך ניט פארקארען און האבען אליין זיך אנגעשטרענגט צו העלפען וויפיעל מעגליך. א דאנק זיי זיינען אויך די קראנקע באזארגט געווארען מיט דאקטוירים און דאס האט זיכער פיעל פריינד געראטעוועט דאס לעבען.

דער קאמפיין פאר נייע ממעבערס ווערט ענערגיש אנגעפיהרט. א סך נייע מעמבערס קומען אריין. אויך האבען זיי ארגאניזירט א נייעם ברענטש. זיי מאכען קירצליך א רעליעף דרייוו און ווילען אויך רופען א מאסענפארזאמלונג פאר'ן א. ר.

אויפ'ן פארלאנג פון פר. באסקין האט ער באזוכט בר. 58, איסטאן, פענג., און ער האפט, אז דער ברענטש וועט ווערען לעבעדיג.

אויף א פראגע פון פר. בענענסאן, ווי אזוי די ברענטשעס אין פילאדעלפיא פיהרען אן זייער רעליעף ארבייט, ערקלערט פר. טייטעלמאן, אז זיי ארבייטען צוזאמען מיט דער פיפעלס רעליעף, וועלכע איז די איינציגע טעטיגע קאמיטע אין פילאדעלפיא.

שקלאווין, מישיגען: דעטראיט גרייט זיך צו דער נעקסטער קאנווענשאן. דער לייבאר ליסעאום וועט זיין פארטיג אין א מאנאט ארום. פון דער „פלו" האבען זיי ניט פיעל געליטען. פאר'ן רעליעף ווילען זיי בייזשטייערען זייער טייל. די ארג. ארבייט ווערט טיכטיג אנגעפיהרט. פר. עפשטיין איז געוועזן מיט א פאר וואכען צוריק אין דעטראיט און האט געהאט א שעהנעם באגייסטערטען דזשאינט מיטינג. זיי האבען אינסטאלירט א נייעם ברענטש און דעם צווייטען ווילען זיי אינסטאלירען ביים קאנווענשאן.

פר. שייער שלאגט פאר, אז די נ. ב. א. ד. זאל ארויסלאזען אן אויפרוף צו די ברענטשעס צו העלפען דעם קאמף פון מאיר לאנדאן פאר א ריקאונט. בעש. דער סעק. זאל אזא אויפרוף אנשרייבען און אריינגעבען אין דער פרעסע.

דערמיט ווערט די צווייטע זיצונג געשלאסען.

---

דריטע זיצונג, שבת פריה, דעם 28טען דעצ.

אלס טשערמאן פר. בענעסאן. דער סעק. מאכט אויפמערקזאם, דאס מיר ווייסען נאך אלץ ניט די אורזאכע פארוואס פר. מאטענקא פון קענעדע איז אפוועזענד.

באשלאסען צו שיקען איהם א טעלעגראם.

פר. טייטעלמאן שיקט אריין א צושריפט, בעטענדיג דער נ. ב. צו באוויליגען איהם עקספענסעס צו פאהרען קיין פיטסבורג און דארט בעריכטען פון אונזער טעטיגקייט.

אזוי ווי מיר האבען ניט דארויף קיין פאנדס, ווערט באשלאסען זיין פארלאנג איבערצושיקען צו דער אפיס קאמ. מיט א רעקאמענדיישאן דיעזעס גוטצוהייסען.

עס ווערט אויך באשלאסען צו רעקאמענדירען צום קאנווענשאן, „דאס יעדער דירעקטאר זאל האבען דאס רעכט צו באזוכען איין מאל אין יאהר די שטעדט פון זיין סטייט, אום צו בעריכטען פון דעם נ. ב. א. ד. צוזאמענפאהר."

יעדער דירעקטאר, וואס וויל באזוכען וועלכע שטאדט אין זיין סטייט, דארף אזא פארלאנג מאכען צום צוזאמענפאהר פון דער נ. ב. א. ד., וועלכע דארף אין יעדען פאל באזונדער האנדלען און באשליסען, אויב די עקספענסעס זאלען ווערען באוויליגט.

פר. וויינבלאט באריכטעט פאר דער גריוועגס קאמ.

די קאמיטע האט צוליעב דער עפידעמיע געהאט ווענינ קייסעס, אבער עס זיינען דא איניגע קייסעס, וועלכע עס איז אינטערעסאנט צו באריכטען.

1) אין א ברענטש איז א מעמבער שטראפירט געווארען מיט 5 דאלאר און צונעהמען דאס ווארט אויף 6 מאנאטען פאר ניט פאלגען די באשליסע פון ברענטש און האנדלענדיג ווי ער וויל. דער ברענטש האט געהאט אן אונטערנעהמונג און דער מעמבער האט איהר „געהענדעלט" אקוראט ווי די אונטערנעהמונג וואלט געוועזן זיין אייגענע (ניט אין געלד־זאכען, נאר טוענדיג און אראנזשירענדיג ווי איהם אליין געפעלט). די קאמ. האט די געלד־שטראף ארונטערגענומען און איבערגעלאזען די מאראלישע שטראף פון ניט האבען דאס ווארט, פאר זיין עטישען פארברעכען.

2) א צווייטער ברענטש האט ארונטערגעזעצט זיין סעקרעטער פאר ניט וועלען באריכטען פון אן אונטערנעהמונג און אויך ביי איהם צוגענומען דאס ווארט. דער מעמבער קליימט, אז דערפאר, וואס ניט דער ברענטש, ניט די אראנדזשמענט קאמ. האבען זיך אינטערעסירט מיט דער אונטערנעהמונג און האבען אלעס איבערגעלאזען צו איהם, דארף ער, אלס שטראף, צו זיי ניט באריכטען. די קאמ. האט ארונטערגענומען די שטראף פון ניט האבען דאס ווארט, ווייל די ארונטערזעצונג אלס סעק. איז שוין אויך גענוג שטראף און אין גאנצען פארטרייבען א טעטיגען מעמבער איז ניט אזא חכמה.

3) זיי האבען אויך געהאט א קיים פון דעטראיט, וואו א פרוי האט געמאהנט בענעפיט פאר א קראנקהייט, וועלכע איז פון אונזער ספעציאליסט אנערקענט געווארען אלס ספעציעלע פרויען־קראנקהייט, און מיר האבען קיין בענעפיט ניט אויסגעצאהלט.

4) א געוויסער מעמבער, וואס האט געארבייט אין א קעמפ, האט געבראכט א קראנקען־סערטיפיקייט פון דאקטאר פון קעמפ, וועלכער איז ניט געוועזן אויסגעפילט לויט אונזערע פארשריפטען. אלס אויסנאהמס־פאל האבען מיר באשלאסען זיין בענעפיט אויסצוצאהלען.

זיי האבען אויך געהאט נאך קייסעס, וועלכע קענען צוליעב געוויסע טעמים... ניט באריכטעט ווערען.

אין אלע קייסעס האנדלען זיי איבערלעגט און אונפארטייאיש און זיי גיבען זיך די גרעסטע מיה, אז ביידע צדדים זאלען ווערען איבערצייגט, אז די ענטשיידונג איז גערעכט, און דאס איז די אורזאכע וואָרום די ענטשיידונגען ווערען זעלטען אפעלירט.

די קאמ. האט אויך געהאט א וואקאנסיע. פר. זארעטצקי האט רעזיגנירט און פר. פערעלשטיין איז צוגעצויגען געווארען אלס דער נעקסטער אויפ'ן באלאט.

צולעצט ווינשט פר. וויינבלאט א זיי־געזונד צו דער נ. ב., ווייל

ער איז שוין 3־יאָהר אַ פאַרוואַלטער און ער דענקט ניט מעהר צו לויפען.

פר. שקלאַווין אינטערפּעלירט די ענטשיידונג איבער די דעטראָיט קייס. ער זאָגט, אַז 3 ספּעציאַליסטען פון דעטראָיט האָבען ערקלערט, אַז דאָס איז ניט קיין ספּעציעלע פּרויען־קראַנקהייט.

פר. וויינבלאַט ענטפערט: אַז מיר האָבען אַן אייגענעם ספּעציאַליסט און אויף זיין מיינונג פאַרלאָזען מיר זיך.

דער באריכט ווערט אָנגענומען און די קאָם. מיט׳ן באריכט־אָפּגעבער ווערען באַדאַנקט.

פר. גוסקין באריכטעט דאַן פאַר דער סאַניטאַריום קאָם.

די צאָהל פּאַציענטען אין סאַניטאַריום איז איצט 52, לויט זייערע אָפיציעלע רעפּאָרטס.

דער יקרות האָט געמאַכט אַ גאַנץ היבשען שטריך אין חשבון פון אויפהאַלטונגס־פאָנד. אנשטאט אַ סוירפּלוס, האָבען מיר אַ דעפיציט פון אָרום 7,700 דאָלאַר. ניט נאָר איז געשטיגען דער פּרייז פון פּראָדוקטען, אָבער אויך אונזער העלפּ קאָסט אונז פיעל טייערער. ער לעזט פאָר אַ ליסט פון העכערונגען אין געהאַלט צו אָנגעשטעלטע, וועלכעס צייגט, אַז נאָהענט צו פיער טויזענד דאָלאַר מעהר קאָסט אונז דיעזען יאָהר ווי דעם פאָריגען. דער דעפיציט וואָלט געווען נאָך גרעסער, ווען ניט דער פאַקט וואָס די קאָם. זוכט וואו מעגליך איינצושפּאָרען. מען קען אָבער ניט שפּאָרען פון עסען און די קאָם. האָט זיך געגעבען די גרעסטע מיה צו זעהן, אַז דער „מעניו" זאָל ניט פאַרערגערט ווערען.

ער באשטרייט דעם סטייטמענט פון פר. סאָקאָלאָף, אַז די פּאַציענטען באַקומען ערגערע מאָהלצייטען ווי דער סטעף. נאַטירליך ווערט צו יעדען געגעבען די שפּייזען וואָס ער גלייבט און דערצו איז דער אַסיסטענט דאָקטאָר אַ וועגעטאַריאַנער און ער עסט גאַנץ באַזונדערע ספּעציעלע געריכטען. דאָס מעגליך האָט געשאַפען דעם איינדרוק, אַז די קוואַליטעט פונ׳ם עסען איז פאַרשיעדען.

די קאָם. האָט אויך געספּענדט אַ געוויסע סומע געלד איבערצופיקסען די קיטשען און צוצובויען נאָך צוויי רומס אָפּסטערז. דאָס האָט צוזאַמען געקאָסט אַרום 4000 דאָלאַר. מען האָט אויך באַצאָהלט 300 דאָלאַר פאַר די פּלענער פאַר אַ דאָקטאָרס קאָטעדזש, וועלכען מיר קענען פאַרלויפיג ניט בויען צוליעב דעם הויכען פּרייז פון בוי־מאַטעריאַלען. דער בילדינגס־פאָנד געפינט זיך איצט אין אַ גוטען צושטאַנד. זיין סוירפּלוס איז 15,300 דאָלאַר.

די קאָם. האָט אויך געהאַט פאַרשיעדענע טראָבעלס מיט מאַנכע פּאַציענטען, אָבער אַ דאַנק די טאַקטישע האַנדלונג פון דער קאָמיטע ווערען זיי אַלע מאָל געשליכטעט צופריעדענשטעלענד.

די לייבאָר ליעג האָט זיך געווענדעט מיט אַ פאַרלאַנג, אַז די פרויען פון זייערע מעמבערס זאָלען אַריינגענומען ווערען אין סאַניטאַריום אויף די זעלבע באַדינגונגען ווי די פרויען פון מעמבערס פון אַ. ר., און מיר האָבען זייער פאַרלאַנג באַוויליגט.

דער דאָקטאָר איז צופריעדענשטעלענד. ער איז דער בעסטער וואָס מען האָט פאַר׳ן סאַניטאַריום געקאָנט קריגען, און די קאָם. האָט ניט בדעה צו מאַכען וועלכע ענדערונגען אין מעדיקאַל סטעף.

ער באריכטעט אויך, אַז דיעזען יאָהר ווערט דער סאַניטאַריום־טאָג אָוועקגעגעבען פאַר׳ן רעליעף. די קאָמיטע וויל אונבאַדינגט, אַז דער סאַניטאַריום־טאָג זאָל פאַרבלייבען אַ יום־טוב, אין וועלכען מען זאָל מאַכען אונטערנעהמונגען פאַר צוועקען, וועלכע די עקז. און די סאַניטאַריום קאָם. וועלען באַשטימען.

צולעצט דריקט ער אויס זיין וואונש, אַז די באָארד אוו דירעקטאָרען זאָלען שיקען מעהר דעלעגאַטען צו באַזוכען דעם סאַניטאַריום, ספּעציעל די דירעקטאָרען פון די גרעסערע צענטערס. זיי וואָלטען מיט זייערע אייגענע אויגען געזעהן וואָס פאַר אַ וואונדערשעהנע אינסטיטושאָן מיר האָבען און זיי וועלען דאַן קענען זייערע איינדריקע באריכטען אין זייערע צענטערס.

פאָלגענדע אינטערפּעלאַציאָנען ווערען געשטעלט צו פר. גוסקין:

ראַסקין: וואָרום זיינען די טשערס אַוועקגענומען געוואָרען פון האָספּיטאַל באַלקאָן (פּאָרטש)?

סאָקאָלאָף: איך בין איין סאַניטאַריום אָנגעקומען צו סאַפּער און מיר האָבען געקראָגען סטייק וועהרענד די פּאַציענטען האָבען עס ניט געקראָגען. דאָס האָט מיר געמאַכט צו פרעגען, אויב די „מעניו" איז פאַרשיעדען? ער פרעגט אויך וויפיעל פּראָ־יט עס ברענגט די טשיקען פאַרם.

סלאַווין: וואָרום פיקסט מען ניט צו די אַזערע, און וואָרום ווערט די פאַרם בעאַרבייט טיילוויז און ניט אין גאַנצען?

שייער: וואָרום מאַכט מען ניט קיין טויער, אַז דאָס איז דער סאַניטאַריום פון אַ. ר.?

שקלאַווין: דער מעמבער, וועמען מען האָט געגעבען 25 דאָלאַר אויף רייזע קאָסטען, איז פון אַ דעטראָיטער ברענטש. אויב דער ברענטש האָט ניט געענטפערט אויף די אָנפראַגען פון דער סאַניטאַריום קאָם., וואָרום האָט איהר זיך ניט געווענדעט נאָך אינפאָרמיישאָן צו דער דעטראָיטער דיסט. אָרג. קאָם.?

חלק: איזווירקליך צווישען די העלפּ אין סאַניטאַריום ניטאָ וועך אַכטונג צו געבען אַז קויהלען וואָס מען קען נאָך יוזען זאָלען ניט אַרויסגעוואָרפען ווערען צוזאַמען מיט די אַשעס?

פר. גוסקין ענטפערט אויף די אינטערפּעלאַציאָנען.

1) די טשערס ווערען פון באַלקאָן אַוועקגענומען יעדען ווינטער ווען די גאַסע וועטערען און די שנעען פאַנגען זיך אָן. דיעזען מאָל האָט מען זיי אַוועקגענומען מיט אַ פּאָר וואָכען פריהער, ווייל פּאַציענטען האָבען אַרונטערגענומען קווילטס פון די ליעגטוס אום צו זיצען אויטסייד. אַזאַ זאַך קען ניט ערלויבט ווערען צו אַ פּאַציענט אָהן די ספּעציעלע פאַראָרדענונג פון דעם דאָקטאָר. ווען מען האָט די פּאַציענטען דאַרויף אויפמערקזאַם געמאַכט און די לעצטע האָבען ווייטער געטאָן דאָס אייגענע, האָט מען צוגענומען די טשערס.

2). דאָס וואָס פר. סאָקאָלאָף האָט געקראָגען סטייק פאַר סאַפּער און די פּאַציענטען ניט, איז ווייל די פּאַציענטען האָבען געקראָגען סטייק צו דינער. אין סאַניטאַריום ווערט פלייש ניט גענומען פּונקט צום אונץ. אַ פּאָר חלקים זיינען איבערגעבליבען און די מייטראָן, ווייסענדיג אַז די קאָמיטע איז אַ גאַנצען טאָג געפאָהרען און איז אָפּגעקומען מיט טרוקענס, האָט זי דארום פאַר דער קאָם. געמאַכט אַ פליישיגען סאַפּער.

די טשיקען פאַרם האָט געבראַכט פּראָפיט אַריבער טויזענד דאָל. אַ יאָהר.

3) אויפצוהאַלטען אַ פּאַציענט קאָסט 21 דאָלאַר אַ וואָך.

4) צו מאַכען די אָזערע אויסצוזעהן ליידליך דאַרף מען דאַרויף ספּענדען אַ 5000 דאָלאַר, און אַזוי ווי דאָס געלד איז איצט נויטיג אויף צו בויען וויכטיגערע זאַכען, ווערט דיעזע אַרבייט איבערגעלאָזען אויף צולעצט.

די קאָם. טרייעט איהר בעסט צו זעהן, אַז די פאַרם זאָל וואָס מעהר בעאַרבייט ווערען. ביי די יעצטיגע צייטען פון יקרות איז אָבער שווער דורכצופיהרען זאַכען ווי מען וויל אויס מאַנגעל אין העלפּ. עס האָט פּאַסירט, אַז וועדזשעטייבעלס האָבען געפוילט אין גאָרטען, ווייל מען האָט ניט געקאָנט קריגען קיין העלפּ צו יענער צייט, אַרונטערצונעהמען די זאַכען פון גאָרטען. מען האָט זאָגאָר גענומען, אַלס פּראָבע, איניגע פּאַציענטען צו טאָן דיעזע אַרבייט און זיי געצאָהלט, אָבער אויך דאָס איז ניט קיין ערפאָלג.

5) עס ווערט איצט געמאַכט אַ טויער פאַר׳ן סאַניטאַריום, אָבער ער איז נאָך ניט פאַרטיג.

6) וועגען ווענדען זיך צו דער דיסט קאָם. פון דעטראָיט איז זיי גראַדע ניט איינגעפאַלען. דאָס אָבער איז ניט קיין ענטפער וואָרום דער ברענטש אַליין האָט ניט געפונען פאַר נויטיג צו ענטפערען אויף די אָנפראַגען פון דער סאַניטאַריום קאָם.

7) די קויהלען, וועלכע ווערען אַרויסגעוואָרפען מיט די אַשעס, זיינען איבערגעברענטע קויהלען. באַלעבאָסטעס קלייבען אויס די קויהלען און נוצען עס נאָכאַמאָל. אָבער די קאָם. איז געקומען צום שלוס, אַז אום דיעזעס צו טאָן אין סאַניטאַריום דאַרף מען האָבען אַן עקסטרא מאַן און די וויידזשעס וואָלטען קאָסטען מעהר ווי דער ריוח פון די איבערגעברענטע קויהלען.

פר. גוסקין ענטפערט אויך אויף דער באַמערקונג צו וואָס מען האָדעוועט חזירים אין סאַניטאַריום. דאָס ווערט געטאָן אויף דעם ראַט פון אונזערע דאָקטוירים, וועלכע האָבען עס אונז געהייסען, כדי די חזירים זאָלען אויפעסען דעם אָפּפאַל, וואָס בלייבט פונ׳ם עסען פון די פּאַציענטען. לויט די רולס פון דער „באָארד אָף העלטה" טאָר מען דעם אָפּפאַל אין ערגעץ ניט אַרויספיהרען און דער איינציגער מיטעל דערפון פּטור צו ווערען איז ווי אויבען אָנגעדייטעט.

דער באריכט ווערט גוטגעהייסען און די קאָם. און פר. גוסקין ווערען באַדאַנקט.

דערמיט ווערט די דריטע זיצונג געשלאָסען.

---

פ י ע ר ט ע  ז י צ ו נ ג , שבת נאכמיטאג, דעם 28טען דעצ.

אַלס טשערמאַן פר. חלק. דער סעק. באריכטעט, אַז ער האָט ערהאַלטען אַן ענטפער פון פר. י. מאטענקא, אַז ער איז ניט אימשטאַנד צו קומען צום צוזאַמענפאָהר צוליעב דער אינפלוענציע.

ער מעלדעט אויך, אַז ער האָט ערהאַלטען אַן אַפּיעל פון בר. 181, דעטראָיט, געגען דער ענטשיידונג פון דער גריוועַנס קאָם. (זעה באריכט פון דער גריוועַנס קאָם.). פר. וויינבלאַט ערקלערט, אַז די גריוועַנס קאָם. האָט דיעזע קייס ענטשיעדען דעם 20טען אויגוסט און די צייט פון 30 טעג, אין וועלכע מען האָט דאָס רעכט צו אַפּעלירען, איז שוין לאַנג פאָראיבער.

באשלאָסען צו רעקאָמענדירען צו דער נאַצ. גריוועַנס קאָם. נאָכאַמאָל איבערצוקוקען די קייס און אָנפרעגען ביי נאָך ספּעציאַליסטען און אין פאַל די קייס איז ווירקליך ניט קיין ספּעציעלע פרויען קראַנקהייט, זאָל די בענעפיט אויסגעצאָהלט ווערען.

פר. דינערשטיין באריכטעט פאַר דער אָרגאַניזיישאָן קאָמיטע.

די נייע אָרג. קאָם. האָט איינגעפיהרט, אַז אין די גרעסערע שטעדט זאָלען זיין דיסט. אָרג. קאָמיטען און ניט קיין ברענטש פאַרטרעטער. דיעזער פּלאַן אַרבייט אויסגעצייכענט. די אָרטיגע אָרג. קאָמיטען זיינען פון דאַן אָן געוואָרען פאַראַנטוואָרטליך און אַ ברענטש אָדער איניגע ברענטשעס קענען ניט מעהר צוריקציהען זייערע דעלעגאַטען און דערמיט אָפּשטעלען די טעטיגקייט פון די אָרטיגע קאָמיטע.

דער קאַמפּיין פאַר 70 טויזענד מעמבערס האָט זיך אָנגעפאַנגען אין אַ זעהר גינסטיגער צייט. די אויסזיכטען זיינען, אַז מיר וועלען די קוואָטא פון 70,000 מעמבערס ווייט איבערשטייגען. דער וואַפענשטילשטאַנד און דער ערוואַרטעטער פריעדען מאַכען דעם עולם מעהר אויפגעלעגט און די עפּידעמיע איז פון דער צווייטער זייט געווען אַ אונבאַשטרייטבאַרער באַווייז ווי נויטיג עס איז פאַר יעדען איינעם צו באַלאַנגען צו אַ בענעפיט אָרגאַניזאַציאָן. מענשען בעטען זיך ממש מען זאָל זיי אַריינגעהמען אין אַ. ר.

דער מעמבערשיפּ קאַמפּיין איז ערעפענט געוואָרען אין ניו־יאָרק מיט אַ פאַרזאַמלונג אין אַ קאָנצערט און די פּראָגראַם איז דורכגעפיהרט געוואָרען מיט דעם אַרב. רינג׳ס אייגענע קרעפטען און ווערט פאַרמגעזעצט מיט באַגייסטערונג איבער׳ן גאַנצען לאַנד. פר. א. עפּ־

שטיין איז אַרויסגעשיקט געוואָרען אויף אַ קורצען אָרגאַניזאַציאָנס־טור. ער האָט באזוכט דעטראָיט, שיקאַגאָ, מילוואָקי און טאָלידאָ און איבעראַל איז דער קאמפּיין אַ סוקסעס. די קאָמ. האָט באשטימט אַז די, וועלכע וועלען אַריינברענגען 5 מעמבערס, וועלען קריגען אַ סעט ביכער אַלס פּרעזענט, און ברענטשעס, וועלכע וועלען אַריינעהמען 25 מעמבערס, וועלען קריגען אַלס פּרעזענט אַ שאַפּיראָגראַף. זיי האָבען אויך אָפּגעדרוקט פּאַסענדע ליטעראַטור פאַר׳ן קאמפּיין און באשטימט אַ קוואָטא פאַר יעדער שטאָדט און סטייט. די קאָסטען פון קאמפּיין גרייכען איצט די סומע פון דריי טויזענד דאלאר.

ער דריקט אויס אַ דאַנק צו פר. בענענסאָן פאַר די גוטע אַרבייט, וואָס ער האָט געטאָן פאַר אַ. ר. אויף זיין באזוך אין סט. לואיס און באריכטעט פון איניגע טראָבעלס, וואָס זיי האָבען מיט ברענטשעס, ווי צ. ב. ש. בר. 137, פּאָרטלאנד, מעין, וועלכער וויל ניט אנערקענען די דיסט. אָרג. קאָמ., און פון בר. 208, וואו זיי האָבען 4 מעמבערס געהייסען זיך צוריקציהען פון ברענטש־טעטיגקייט. מאַנכע דיסט. קאָמיטעען ספּענדען געלד אויף זאַכען, וואָס האָבען מיט די אָרג. אַרבייט קיין דירעקטע שייכות. די קאָמ. איז אָפּטמאָל געצוואונגען פאַר׳ן ערשטען מאָל די עקספּענסעס אויסצוצאָהלען, אָבער זיי וואָרענען די אָרטיגע קאָמיטעען, אַז אין דער צוקונפט זאָלען זיי אין אַזעלכע פעלע אַפריהער אָנפרעגען ביי דער נאַצ. אַרג. קאָמ., ווייל זאָנסט וועלען די אויסגאַבען ניט ווערען אויסגעצאָהלט.

ער באריכטעט דאַן פון די פּלענער פון דער אָרג. קאָמ. צו באזוכען יענע שטעדט, וואו דער קאמפּיין געהט צו אַביסעל פאַר־שלאָפען און ער ענדיגט מיט אַן אַפּיעל צו יעדען איינעם צו העלפען דעם אַ. ר. אויסצונוצען די יעצטיגע גוטע אויסזיכטען אום צו פאַרשטאַרקערען אונזער אָרגאַניזאַציאָן.

פאָלגענדע אינטערפּעלאַציאָנען ווערען געמאַכט צו פר. דינערשטיין:

שייער: ווארום מאַכט מען נור טורס אין די מיטעל וועסטערן סטייטס און מען שענקט קיין שום אויפמערקזאַמקייט צו מינעסאָטא סטייט? אין פאַרלויף פון 12 יאָהר זיינען פאַרטרעטער פון ניו־יאָרק דאָרט געווען נור 3 מאָל. ווען מען איז אין שיקאַגאָ און מילוואָקי, קאָסט עס דאָך שוין אַ קלייניגקייט צוצופאָהרען אויך אין מינעסאָטא.

בענענסאָן: מיט וועלכען רעכט האָט איהר געהאַנדעלט געגען די 4 מעמבערס פון בר. 208 אין דער צייט וואָס קיינע קלאַגען זיינען געגען זיי ניט באוויזען געוואָרען?

ווערט געצאָהלט סאלאריס צו סעקרעטערע פון דיסט. אָרג. קאָמיטעען? די לעצטע פראַגע ווערט אויך געשטעלט פון פר. טייטעלמאַן.

סאָקאָלאָף: ווארום וויל די אָרג. קאָמ. מאַכען אַ מעמבער פון בר. 44 אַלס מעמבער עט לאַרדזש?

שקלאָווין: ווער דאַרף באצאָהלען די קאָסטען פון דזשאָינט מיטינגס?

פר. דינערשטיין ענטפערט אויף די אינטערפּעלאַציאָנען.

1) פר. עפּשטיין האָט ניט געקאָנט באזוכען מינעסאָטא, ווייל ער האָט געהאַט נור 10 טעג צייט פאַר זיין טור. ביי אַ צווייטער געלעגענהייט וועט מען פר. שייער׳ס פאַרלאַנג האָבען אין זינען.

2) אין דער קיים פון בר. 208 זיינען ניט געווען קיין ספּעציעלע פאַקטען צו ברענגען קלאַגען, אָבער עס זיינען יאָ געווען גרינדע צו באַרעכטיגען די אויבען־דערמאָנטע ענטשיידונג אום צו פאַרבעסערען דעם צושטאַנד פון ברענטש.

סעקרעטערע פון דיסט. אָרג. קאָמיטעען קריגען נור באצאָהלט פאַר די צאָהל שטונדען צייט־פאַרלוסט, וואָס זיי האָבען, טהוענדיג געוויסע אַרבייט. אויב סעקרעטערע רופען דאָס סאלארי, קען די אָרג. קאָמ. דערצו גאָר ניט טאָן.

3) אין דעם פאַל פון בר. 44 איז די קלאַגע געגען דעם מעמבער, אַז ער געברויכט אָפטמאָל „שלאָגענדע באוויזע“. די קיים איז פאַרלויפיג אין די הענד פון דער באַלטימאָר דיסט. קאָמ.

4) פאַר דזשאָינט מיטינגען, וועלכע ווערען גערופען פון מאַנכע דיסט. קאָמיטעען, באצאָהלט די נאַצ. אָרג. קאָמ. מיר פאָדערען אָבער, אַז בעפאָר אַזעלכע מיטינגען ווערען גערופען, זאָל מען ביי אונז אָנפרעגען.

די פריינדע עפּשטיין און דיי ערקלערען דאַן דעם סכסוך צווישען דער מעין דיסט. קאָמ. און בר. 317 פון פּאָרטלאַנד, מעין:

אין מאַרטש 1918 האָט פר. קינבערג רעזיגנירט אַלס דירעקטאָר פון מעין. די וואָהלען פאַר אַ נייעם דירעקטאָר זיינען אָפּגעלעגט געוואָרען ביז צום קאָנפערענץ צו ערוועהלען אַ נייע דיסט. אָרג. קאָמ. פאַר 1918־1919. דער ערשטער מיטינג איז גערופען געוואָרען אין אויילעניש, געבענדיג זעהר ווייניג נאָטיס און זייענדיג שוואַך באזוכט, האָט מען באשלאָסען צו רופען אַ צווייטען קאָנפערענץ. ביים צווייטען קאָנפערענץ איז בר. 317 געווען פאַרטראָטען מיט איין דעלעגאַט, וועהרענד די אַנדערע ברענטשעס זיינען געווען פאַרטראָטען דורך צוויי דעלעגאַטען. עס איז ענטשטאַנען אַ סכסוך איבער די צאָהל שטימען וואָס אַ ברענטש זאָל האָבען. מען האָט דעם איין דעלעגאַט פון בר. 317 געזאָלט געבען צוויי שטימען, פּונקט ווי די אַנדערע ברענטשעס. דער דעלעגאַט איז אָבער דערמיט ניט געווען צופריעדען און מיט טענות ווארום מען האָט ניט געלאָזט זיין ברענטש וויסען, אַז מען זאָל ערוועהלען 2 דעלעגאַטען, איז ער אַוועק פון קאָנפערענץ. דער ברענטש האָט זיך דאַן ענטזאגט צו אנערקענען די ביים קאָנפערענץ ערוועהלטע דיסט. קאָמ. און ווילען זייער באשלוס ניט ענדערען.

עס ווערט באשלאָסען, אַז די נ. ב. א. ד. זאָל שיקען אַ בריעף צו בר. 317 און זיי בעטען אין די אינטערעסען פון אַ ר. זייער באשלוס צו ענדערען און אין דער צוקונפט וועט מען זיין מעהר פאָרזיכטיג.

דער באריכט פון דער אָרג. קאָמ. ווערט אָנגענומען און די קאָמיטע צוזאַמען מיט באריכט־אָפּגעבער ווערען באדאַנקט.

פר. דייווידאָף באריכטעט פאַר דער אָפּיס קאָמיטע.

די אָפּיס קאָמיטע איז די לעצטע מאָנאַטען געווען ביזי אויסמאַכענדיג די אַלע פאַרשיעדענע פּאַפּיערען און סטייטמענטס און ענטפערענדיג אויף פאַרשיעדענע אָנפראַגען פון סטייט קאָמישאָנערס און אינשורענס. אַ דאַנק דיעזע אָנגעשטרענגטע פּעסט־ענטש אָסעסנ אַרבייט איז עס געוואָרען מעגליך אין אַ קורצער צייט צו ווערען געזעצליך אין אַזוי פיעל סטייטס.

ניט ווייניג אַרבייט פאַר׳ן אָפּיס האָט געבראַכט די אינפלוענציא מגפה. די קראַנקען סערטיפיקייטס האָבען זיך פאַרדריפאַכט און מען האָט געמוזט אַרבייטען אָווערטיים אום די סערטיפיקייטס שנעלער צו פּעסען.

די גוטע אַרבייט, וואָס דער אַ. ר. האָט געטאָן אין דער צייט פון דער מגפה, פון וועלכער פר. עפּשטיין האָט שוין באריכטעט, איז אויך אַ דאַנק די איניציאַטיווע פון דער אָפּיס קאָמ.

די קאָמ. האָט דיעזען יאָהר צוויי מאָל גערייזט דעם אָפּיס סטעף די ווידזשעס צוליעב דעם יקרות.

עס איז אינוועסטעט געוואָרען 65,000 דאלאר אין ליבערטי באָנדס און 42,500 דאלאר אין סוירטיפּייעד ערשטע מאָרגעדזשעס. זיי דענקען אין דער צוקונפט צו שענקען מעהר אויפמערקזאַמקייט צום צווייטען סאָרט אינוועסטמענט, ווייל דער פּראָצענט איז אַ גרעסערער און דאָס געלד איז אויף פיעל קירצערע טערמינען און איז זיכערער ווי באָנדס, וועלכע פאַלען אָפט אין מאַרקעט־פּרייז. און דאָס מאַכט אַמאָל, אַז ווען מיר דאַרפען שיקען אַ באריכט צו אַ קאָמישאָנער, איז צוליעב דעם מאַרקעט־פּרייז, גראַדע דאַן אונזער וואַלואיישאַן אַביסעל קלענער און עס פאַנגט זיך אָן אַ סדרה פון ערקלערונגען וועגען די אורזאַכען.

די אינפלוענציע מגפה האָט זיי געמאַכט צו פאַרטראַכטען זיך וועגען די נויטיגקייט פון איינפיהרען אַן מוירדזשענסי פאָנד און דערפאַר דענקען זיי, אַז מען זאָל ניט אָפּשאַפען דעם עקסטרא טעקס פון 10 סענט צו דעקען די דיוס פון די געדרעפטעטע. נאַטירליך דאַרף מען דיעזען פאָנד נאָך פאַרלויפיג האָבען פאַר דעם צוועק, צו וועלכען ער איז באשאַפען געוואָרען, אָבער זיי וועלען רעקאָמענדירען צום קאָנווענשאַן, אַז מען זאָל עס פאַרוואַנדלען אין אַן עמוירדזשענסי פאָנד.

אין דער צייט פון דער מגפה האָט פּאַסירט, דאָס מאַן און פרוי אָדער קינד זיינען איינער נאָכ׳ן צווייטען געשטאָרבען. אין אַ פאַל וואו דער מאַן איז פריהער געשטאָרבען איז אויסגעקומען, דאָס די פרוי אָדער דאָס קינד איז געזעצליך ניט געווען בארעכטיגט צו קרקע און צו באערדיגונגס קאָסטען. אַזאַ פאַל איז ווירקליך אַ טראַגעדיע און דאָס וואָלט ניט פּאַסירט ווען אויך די פרויען פון אונזערע מעמבערס וואָלטען באלאַנגט אין אַ. ר. אַזוי ווי די אָרג. קאָמ. מאַכט אַ ספּעציעלע אָנשטרענגונג אויף דיעזען געביעט, דענקען זיי, אום לייכטער צו מאַכען דאָס אַריינקומען פון אונזערע פרויען אַלס מעמבערס, צו רעקאָמענדירען, דאָס די איינטריטס־געלד פאַר מעמבערס פון קלאַס 3 זאָל אַרונטערגענומען ווערען.

עס איז אָנגעשטעלט געוואָרען אַ נייער מאַן אין אודיטינג דעפּ. און דער דעפּ. זעלבסט איז געשטעלט געוואָרען אונטער׳ן אויפזיכט פון גענ. סעקרעטער.

די קוואָרטאל סטייטמענטס ווערען פאַרלויפיג ניט אַלגעמיין דורכגעפיהרט. די סעקרעטערע זיינען דערצו נאָך ניט צוגעוואוינט. זיי וועלען עס אָבער דאָך פאָרטזעצען, ווייל דאָס גיט דעם אָפּיס אַ גענויע ריכטיגע קאָנטראָל אויף די ברענטש פינאַנסען.

פר. דייווידאָף דריקט אויס אַ דאַנק צו דעם מעדיקאַל קאָרפּוס און די דאָקטוירים האַלפּערן, קלימענקאָ און מעריסאָן פאַר די גוטע אַרבייט, וואָס זיי האָבען געלייסטעט דעם אַ. ר. אין דער צייט פון דער עפּידעמיע.

דער באריכט ווערט גוטגעהייסען און די קאָמ. און פר. דייווידאָף ווערען באדאַנקט.

פר. צביון באריכטעט דאַן פאַר דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע.

די עדיוקיישאָנאַל קאָמ. האָט איהרע פּלענער שוין פאָרגעלעגט אויף דעם פאָריגען צוזאַמענפאָהר פון דער נ. ב. א. ד. און דיעזע פּלענער האָט זי פאַר די לעצטע מאָנאַטען פּרובירט דורכצופיהרען.

די טעטיגקייט פון דער עדיוק. קאָמ. איז זעהר פיעל געשטערט געוואָרען פון דער אינפלוענציע. די קאָמ. קען דארום איצט ניט גאַראַנטירען פאַר דער דורכפיהרונג פון אַלע פּלענער. פאַר איניגע פּלענער, ווי געוויסע לעקטשור טורס, איז די צייט פאָראיבער, אַנדערע וועלען נאָך ווערען דורכגעפיהרט. עס ווערט אַראַנזשירט אַ לעקטשור־טור איבער׳ן לאַנד מיט גענ. אַ. ש. זאַקס, וועלכער זאָגט צו צו זיין אַן ערפאָלג.

פון די ביכער, וואָס די לעצטע עדיוק. קאָמ. האָט אַרויסגעגעבען, איז 4000 סעטס שוין פאַרקויפט געוואָרען. אַרום אַ טויזענד סעטס זיינען געבליבען. דיעזע זיינען נויטיג פאַר די פּרעמיומס, וואָס די אָרג. קאָמ. וועט געבען צו די, וועלכע ווערען אַריינברענגען אַ סך נייע מעמבערס.

פאַר דעם גוטען פאַרקויף פון די ביכער קומט אַ דאַנק אונזער סעק. און רעדאַקטאָר פריינד ביילין. איהם איז איינגעפאַלען צו שיקען אַ סעט ביכער אויף פּראָבע צו יעדען ברענטש, וואָס האָט נאָך פון פריהער קיינע ביכער ניט געאָרדערט. דער רעכנונג איז געווען

אַז מעהרסטענס צוליעב דעם ברענטש'ס אָדער סעקרעטער'ס נאכלעסיגקייט ווערען די צושריפטען ניט גענוג באהאַנדעלט. ווען מען שיקט אַ סעט ביכער ווערען זיי פאַרקויפט און געוועהנליך קומען באַשטעלונגען אויף נאָך סעטס.

די פראַגע האָט באַוויזען, אַז אַזוי איז טאַקי ווירקליך דער פאַל.

די זעלבע זאַך איז אויך געטאָן געוואָרען מיט'ן בוך וועגען קאַרל מאַרקס, און עס צייגט זיך, אַז דיעזע מעטאָדע וועט פאַרגרעסערען דעם סוקסעס פון אונזערע ביכער.

די ווייטערע ביכער זיינען אין דער אַרבייט, וועלכע ווערט געשטערט צוליעב דעם יקרות אויף פּאַפּיער. די מלחמה ענדיגט זיך און די קאָמ. רעכענט עס פאַר מעהר פּראַקטיש צו וואַרטען ביז דער פּאַפּיער־מאַרקעט וועט זיך מעהר איינשטעלען. עס זיינען אָבער דערווייל אַרויסגעגעבען געוואָרען פינף בלעטער־נאָטען פאַר פינף אַרבייטער־ליעדער, מיט וועלכע אונזערע כאָרען ווילען זיך קענען באַנוצען.

איינע פון די נייע אַרבייטס־געביעטען פון דער עדיוק. קאָמ. איז די „אידישע אַרב. רינג שולע“. דער טעקס פאַר דיעזען צוועק איז 2 סענט אַ קוואַרטאַל פאַר אַ מעמבער. די סומע וואָס וועט קאָלעקטירט ווערען איז ווייט ניט גענוג דורכצופיהרען דיעזע אַרבייט. דערצו איז נויטיג אַ ביודזשעט פון פופציג ביז זעכציג טויזענד דאָל. די קאָמ. קען די פאַרשיעדענע שולען אַרויסהעלפען די ערשטע צייט מיט עקספּענסעס און פיעל ווייניג מיטהעלפען שפּעטער, הויפּטזעכליך דאַרף זי אָבער מיט איהר פאָנד אָ ר ג אַ נ י ז י ר ע ן די שול־באַוועגונג.

די ערשטע אידישע שולע איז געעפענט געוואָרען אין האַרלעם דיסטריקט פון ניו יאָרק. די שולע איז אַן ערפאָלג, און אַ דאַנק קומט דערפאַר פר. פיינערמאַן, וועלכער אַרבייט זעהר ענערגיש און טעטיג אַלס דער סעק. פון דיעזער שולע. אַ דאַנק זיין אַרבייט איז זי געוואָרען אַ מוסטער שולע. 250 קינדער לערנען זיך דאָרט יעדען טאָג, און וואָלט געוועזען מעהר פּלאַץ, וואָלטען תלמידים ניט געפעהלט. דער למוד איז אידיש. מען לערנט לעזען, שרייבען, געזאַנג (פאַר וועלכען מען גרינדעט קינדער־כאָרען) און אידישע ליטעראַטור. די מעמבערס זיינען זעהר צופריעדען און באַטראַכטען עס אַלס אַ נייעם בענעפיט.

די איבערצייגונג פון דער קאָמ. איז, אַז דאָס איז אַ וויכטיגע ערשיינונג און איז אפילו נוצליך פאַר אָרגאַניזאַציאָנס און אַגיטאַציאָנס צוועקען.

די צווייטע אידישע קינדער־שולע איז געגרינדעט געוואָרען אין דעם וויליאַמסבורג דיסט. פון ניו יאָרק (ברוקלין). דאָרט זיינען אָבער ניטאָ גענוג פעהיגע קרעפטען און דערפאַר איז דיעזע שולע שוין ניט קיין זעהר גרויסער ערפאָלג. אין אַלגעמיין ליגט דער ערפאָלג פון אַזאַ שולע אין די הענד פון די סיטי עדיוק. קאָמיטעען.

די נאָכפראַגע אויף אידישע קינדער־שולען איז איצט גרויס אין בראָנזוויל, שיקאַגאָ, פילאַדעלפיא, נוּאַרק, באַלטימאָר, מינעאַפּאָליס, דעטראָיט, ווילמינגטאָן און אין אַנדערע שטעדט. די פראַגע איז נור וועגען געלד. דער ביודזשעט וועט איינברענגען אַרום 4000 דאָל. אָבער די איצטיגע קאָמ. וועט קריגען נור אַ העלפט דערפון.

עס זיינען אויך פאַראַן עקזיסטירענדע שולען אין ניו יאָרק און אין דער קאָונטרי, וואָס ווילען אַז מיר זאָלען זיי איבערנעהמען. פאַר אייך דירעקטאָרען בלייבט די אויפגאַבע אונז צו העלפען מאַכען דיעזע איינריכטונג אַן ערפאָלג איבער'ן גאַנצען לאַנד.

מיר האָבען ענטוויקעלט אונזער טעטיגקייט אויך אויף דעם געביעט פון מוזיק. אַ סימפאָניע אָרקעסטער ברענטש איז שוין געגרינדעט פון פריהער און איצט איז געגרינדעט געוואָרען אַ מאַנדאָלין ברענטש.

דער סימפאָניע און מאַנדאָלין אָרקעסטערס, דער כאָר און די פרייע פאָלקס־ביהנע האָבען גענומען אַנטייל אין דער קאָנצערט־פאַרזאַמלונג אין סענטראַל אָפּערא הויז און האָבען בייגעשטייערט צום ערפאָלג פון דעם אָווענד.

מיר האָבען אין אַלע גרעסערע צענטערס געגרינדעט סיטי אָדער דיסט עדיוקיישאָנאַל קאָמיטעען און אַלעמען באַשטימט אַ געוויסען בודזשעט. די סומען זיינען קליינע און ווייט ניט צופריעדענשטעלענד פאַר אַזעלכע שטעדט ווי דעטראָיט, מילוואָקי און פּעטערסאָן, וועלכע דאַרפען פאַר'ן געלד אויך אויפהאַלטען זייער אָרטיגען כאָר, אָבער דאָס איז דאָס בעסטע וואָס מיר קענען טאָן אונטער די אומשטענדען.

אין באַצוג צו לעקטשורס און קאָנצערטען איז געגרינדעט געוואָרען אַ „יונייטעד לייבאָר עדיוק. קאָמ.“ פאַר ניו יאָרק. מיר האָבען זיך פאַראייניגט מיט די יוניאָנס צו מאַכען אונזערע גרעסערע קאָנצערטען און לעקטשורס געמיינשאַפטליך. ביז יעצט פלעגט זיין אַזוי, אַ קאָנקורענץ פון איין אָרגאַניזאַציאָן געגען דער צווייטער. מיר האָבען בייגעשטייערט אויף אונזער חלק 500 דאָלאַר און אַרום ענדע יאַנואַר וועט דיעזע פאַראייניגטע קאָמיטע אָנפאַנגען דורכפיהרען איהר פּראָגראַם.

ווי פריהער באַריכטעט, איז פאַר דער קאָונטרי אַראַנזשירט געוואָרען אַ לעקטשור־טור מיט גענ. א. ש. זאַקס. דער טור וועט דויערען אַרום 8—10 וואָכען און וועט גרייכען ביז מינעסאָטאַ, אָבער ניט ביז'ן וועסט קאָוסט. נאַטירליך איז דאָס ניט גענוגענד. אָבער אַזוי ווי לעקטשורערס איז אונמעגליך צו קריגען, זיינען מיר מיט דאָס ביסעל אויך צופריעדען.

די קאָמ. האָט פון דער לעצטער קאָנווענשאָן געבעטען צו געבען איהר נאָך אַ „טשאַנס“ צו פאַרבעסערען דעם „פריינד“ און איהם מאַכען פאַר אַן אינטערעסאַנטען זשורנאַל. מיר האָבען דעם טשאַנס אויסגעהאַלטען. דער „פריינד“ איז איצט פיעל בעסער ווי פריהער. דער דאַנק קומט צו גענ. ביילין. נאַטירליך קען ניט אַלעס ווערען געטאָן מיט אַמאָל. פר. צביון שליסט זיין באַריכט מיט דער פאַרזיכערונג, דאָס אויב עס וועט ניט זיין ביים ענדע יאָהר קיין דעפיציט אין „פריינד“ פאָנד, ווילען זיי דעם זשורנאַל נאָך מעהר אויסבעסערען.

פאָלגענדע אינטערפּעלאַציאָנען ווערען געשטעלט צו פר. צביון:

סלאַווין: וויפיעל דאַרף איינער צאָהלען אַ וואָך שכר למוד פאַר אַ קינד אין דער אידישער אַרב. רינג שולע? וואָרום קאָסט אַזוי טייער צו ברענגען דעם כאָר קיין נוּאַרק? וואָרום זעהט מען ניט, אַז די מיילינג פון „פריינד“ זאָל בעסער אַרבייטען און דאָס די מעמבערס זאָלען דעם „פריינד“ ערהאַלטען, זאָנסט זיינען דאָך אומזיסט אַלע אויסבעסערונגען.

חלק: נעהמט מען אַריין אין די שולען אַלע קינדער, אָדער נור די קינדער פון אַ. ר. מעמבערס?

טייטעלמאַן און שייער: ווי אַזוי ווערט מען אַ מעמבער אין אַ שול־פאַראיין, אויטאָמאַטיש, ווען דאָס קינד לערנט זיך אין דער שולע, אָדער מען דאַרף זיך איינשרייבען און צאָהלען דיוס? קען מען אויך גרינדען שולען מיט ענגליש אַלס די הויפּט־שפּראַך? ווען וועט די כרעסטאָמאַטיע ווערען פאַרטיג?

בענענסאָן: וואָרום האָט מען דער ס. פּ. ניט אַריינגענומען אַלס שותף אין דער „יונייטעד לייבאָר עדיוק. קאָמ.? וואָרום אַדוועסען זיי געלד פאַר שולען אין ניו יאָרק און דערנאָך וועט פאַר דער קאָונטרי גאָר ניט בלייבען? וואָס איז געוואָרען מיט טערמאַנ'ס בוך, ענדיגט איהם אימיצער?

ראַזין: וואָרום ווערען אין „פריינד“ ניט געגעבען טעמעס פאַר דיסקוסיאָנען?

שקלאַווין: קען די עדיוק. קאָמ. העלפען דעם אַ. ר. אָרקעסטער פון דעטראָיט?

יאַנאָווסקי: ווי וועט די קאָונטרי באַקומען איהרע נוצען, צו וועלכע זיי זיינען באַרעכטיגט, פאַר'ן טעקס אויף אידישע פאָלקס־שולען? קען מען פאַראייניגען די אַ. ר. שולען מיט אַנדערע נאַציאָנאַלע שולען?

פר. צביון ענטפערט אויף די אינטערפּעלאַציאָנען:

1) די קאָסטען פון שכר למוד איז איין דאָלאַר אַ מאָנאַט פאַר איין קינד און פופציג סענט עקסטרא פאַר אַ צווייטע קינד. עס שטעלט זיך אָבער יעצט אַרויס, אַז עס איז צו ווייניג און עס וועט אויסקומען צו העכערען דעם פּרייז.

פאַר קומען קיין נוּאַרק האָט דער כאָר גענומען 20 דאָלאַר. דאָס איז ניט פיעל פאַר 8 מענשען. זיי רעכענען זייערע הוצאות און דערצו אַ געוויסע סומע צו דעקען די אויסגאַבען אויפצוהאַלטען דעם כאָר.

וועגען דעם וואָס אַנדערע ערהאַלטען ניט דעם „פריינד“ איז עס צוליעב דעם איצטיגען מאַנגעל אין העלפּ. דאָס זיינען טעכנישע שטערונגען, וואָס איין וואָך קען קריפּלען די אַרבייט אויף אַ האַלב יאָהר. די קאָמ. קלייבט זיך צו מאַכען קירצליך אַן אַלגעמיינע רעוויזיע איבער די אַדרעסען.

2) אַלע קינדער ווערען אָנגענומען אין די שולען. אָבער מעמבערס פון אַ. ר. קריגען דעם פאָרצוג אַריינגענומען צו ווערען פריהער.

3) יעדע שטאָדט קען זיך מאַכען איהרע רולס וועגען מעמבערשיפּ אין די שול־פאַראיינען לויט איהר אָרטיגען כאַראַקטער. קיין באַשטימטע רולס זיינען נאָך פאָרלויפיג ניטאָ. די פאַרוואַלטונג פון די שולען מוז אָבער אונבאַדינגט זיין אונטער דעם קאָנטראָל פון אַ. ר.

דער פאַרלאַנג פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמ. איז, אַז עס זאָלען זיין א י ד י ש ע שולען, ווייל דער אַ. ר. איז אַ א י ד י ש ע אָרגאַניזאַציאָן. ענגלישע שולען אָרגאַניזירט די ס. פּ., מיט וועלכער זיי ווילען ניט קאָנקורירען. זיי האָבען ניט דאַגעגען, ווען מ'וועט לערנען אויף ביידע שפּראַכען. דער בוך, די כרעסטאָמאַטיע איז אין דער אַרבייט. עס דאַרף נעהמען צייט אַזאַ בוך צוזאַמענצושטעלען.

4) די ס. פּ. איז ניט אַריינגענומען געוואָרען אין דער יונייטעד לייבאָר עדיוק. קאָמ. ווייל די קאָמיטע באַשטעהט פון אָרגאַניזאַציאָנען, וועלכע גיבען צושטייער אויף די אויסגאַבען, און וועמעס לעקטשורס און קאָנצערטען זיינען ביז יעצט ניט געוועזען קיין סוקסעס. דאָס איז אָבער ניט דער פאַל מיט דער ס. פּ. איבריגענס אונזער פאַרטרעטער האָט טאַקע יאָ געפאָדערט, אַז די ס. פּ. זאָל אויך איינגעלאַדען ווערען, אָבער די מאַיאָריטעט איז געוועזען געגען.

די עדיוק. קאָמ. האָט איהר שול־ביודזשעט צעטיילט, העלפט פאַר ניו יאָרק און העלפט פאַר די קאָונטרי. די הילפע, וואָס די עדיוק. קאָמ. קאָן געבען, איז איבערהויפּט זעהר קליין. די אויסגאַבען מוזען ווערען געדעקט: פון שכר למוד און פון אונטערנעהמונגען.

וועגען טערמאַנ'ס בוך איבער דער אַרבייטער באַוועגונג איז די זאַך אַזוי. פאָרלויפיג קען מען דעם בוך ניט ענדיגען. מעגליך, אַז שפּעטער וועט מען עס פּרובען צו טאָן.

5) וועגען אָפּדרוקען אין „פריינד“ טעמעס, איז שווער צו קריגען די פּאַסענדע מענשען צו שאַפען די טעמעס. עס איז אַ שווערע אויפגאַבע דורכצופיהרען, אָבער מיר ווילען עס פּרובען.

6) וועגען אָרקעסטער פון דעטראָיט, זאָלען זיי צושיקען אַ צושריפט, וועט די קאָמיטע דאַן האַנדלען.

7) יעדע קאָונטרי שטאָדט וואָס וועט גרינדען אַ שולע וועט קריגען אונטערשטיצונג פון דער נאַצ. עדיוק. קאָמ.

אונז אַרט ניט אויב מען זאָל זיך אין אַ קאָונטרי שטאָדט פאַראייניגען מיט אַנדערע שולען אָדער אָרגאַניזאַציאָנען, מיר אָבער ווילען

אונזער נאָמען און אונזער פאַרוואַלטונג. ד. ה., אַז די אַ. ר. סיטי עדיוק. קאָמ. זאָל האָבען די העכערע אויפזיכט אויף די שולען.

פר. צביון ענטפערט דאַן אויף אַ פראַגע צו די יעצטיגע פאַר־וואַלטונגס־פאָרם איז אַ סוקסעס. ער זאָגט, אַז די פאָרם איז זעהר אונגעשיקט. עס איז געבליבען די חסרונות פון דער דזשווירזי פאָרם אָהן איהרע מעלות. ספּעציעל איז די עדיוק. קאָמ. געשטערט אין איהר אַרבייט, ווייל זי דאַרף וואַרטען אַ גאַנצען מאָנאַט ביז די באַשליסע ווערען גוטגעהייסען פון דער גאַנצער עקז. און אָפטמאָל קען פּאַסירען, אַז ווען צ. ב. ש. מען הייסט גוט הילפע צו אַ געוויסער שולע, זאָל זי פאַר'ן מאָנאַט שוין האָבען אונטערגעגאַנגען.

דער באריכט ווערט אָנגענומען און די קאָמ. מיט פר. צביון ווערען באדאַנקט.

אַ קאָמיטע. באשטעהענד פון די פריינדע סאָקאָלאָף, סלאווין און אַשפּיז, ווערט ערוועהלט אויסצואַרבייטען רעקאָמענדאַציאָנען צום קאָנווענשאָן און עס פאָרלעגען צו דער מאָרגענדיגער זיצונג.

דערמיט ווערט די 4טע זיצונג געשלאָסען.

---

פ י נ פ ט ע ז י צ ו נ ג , זונטאג פריה, דעם 29טען דעצ. אַלס טשערמאַן פר סלאַווין. אַ קאָמ. פון בר. 80 אַ. ר. אַפּעלירט געגען דער נאַצ. גריוועגס קאָמ. עס ציינט זיך אַרויס, אַז די געזעצליכע 30 טעג זיינען שוין פאָראיבער, אָבער די קאָמ. ציינט אַ בריעף פון דער עקז., מעלדענדיג זיי, „אַז זיי קענען אַפּעלירען צו ער נ. ב. א. ד., וועלכע וועט מיטען אָנפאַנג יאַנואַר 1919“. זיי באהויפּטען, אַז ער־האַלטענדיג דיעזען סטייטמענט האָבען זיי ניט געוואוסט אַז מען דאַרף אַרויסגעבען דעם אַפּיעל פאַר דעם צוזאַמענפאָהר פון דער נ.ב.א.ד. באַשלאָסען זייער אַפּיעל אויפצונעהמען און עס איבערצוגעבען צו אונזער גריוועגס קאָמיטע.

פר. ל. ראָטמאַן באריכטעט פאַר דער בענעפיט קאָמיטע.

די אַרבייט פון דיעזער קאָמיטע איז אַ רוטינע. פון צייט צו צייט מאַכט זיך צו האַנדלען אין געוויסע קייסעס.

מיר האָבען געהאַט אַ פאַל, וואו אַ מעמבער איז געשטאָרבען דעם 19טען און נאכהער איז אָנגעקומען אַ קראַנקען־סערטיפיקייט פון זעלבען און די קאָמיטעס זיינען געווען געסיינט מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער... דער ברענטש איז דערפאַר געטאַדעלט געוואָרען.

אין אַ געוויסען ברענטש האָט די מינאָריטעט געוואָלט פאַר זיך אָנשטעלען אַ צווייטען דאָקטאָר. די קאָמיטע האָט ענטשיעדען ניט צו ערלויבען קיין גרופּען דאָקטוירים.

די אינפלוענציע האָט פאַראורזאַכט, אַז דיעזען קוואַרטאל איז אויסגעצאָהלט געוואָרען אַרום הונדערט טויזענד דאָלאַר קראַנקען בע־נעפיט. די בענעפיט קאָמ. האָט אנערקענט די „פלו“ סערטיפיקייטס אָהן קאָמיטעס, ווייל קאָמיטעס האָבען, אוים מורא, די קראַנקע ניט באזוכט. די מגפה האָט באוויזען, אַז עס איז נויטיג אין אַ. ר. איינצופיהרען אַן „עמוירדזשענסי פאָנד“.

אין צייט פון דער עפּידעמיע האָבען אַ סך דאָקטוירים ניט ער־פילט זייערע פליכטען צו די ברענטשעס. מיר האָבען באשלאָסען אַזעלכע דאָקטוירים מעהר ניט אנערקענען פאַר אַנדערע ברענטשעס.

דיעזער צושטאַנד, ווי אויך דאָס, וואָס די דאָקטוירים האָבען געהעכערט די פּרייזען, האָט געמאַכט, אַז די דיסטריקט דאָקטוירים פראַגע איז געוואָרען מעהר פּאָפּולער. ענדע יאַנואַר ווערט אין ניו־יאָרק פאַררופען אַ קאָנפערענץ וועגען דעם צו פאַרהאַנדלען. די קאָמ., פונקט ווי די פאָריגע, אַטענדעט צו קראַנקע, וועלכע זיינען „מעמבערס עט לאַרדזש“, אָדער וואָס קומען פון אַנדערע שטעדט. די מאָראַלישע רעזולטאַטען זיינען זעהר צופריעדענשטעלענד.

איינער פון אונזער קאָמ., פר. שפּייער, איז קראַנק געוואָרען און האָט געמוזט געהן אין סאַניטאַריום. די קאָמ. האָט איהם גע־געבען אַן ערלויבניש פאַר דער צייט צו זיין אַפּוועזענד.

פאָלגענדע אינטערפּעלאַציאָנען ווערען געשטעלט צו פר. ראָטמאַן:

חלק: אויף וויפיעל וואָכען איז דער בענעפיט געווען הינטער־שטעליג אין דער צייט פון דער עפּידעמיע?

שקלאַווין: האָט די קאָמ. אויפגעגעבען דעם געדאַנק צו רייזען דעם סיק בענעפיט?

שייער: איז אַ משוגע'נער בארעכטיגט צו קראַנקען בענעפיט?

אַשפּיז: וואָס איז די דורכשניטליכע. צאָהל וואָכען פון אַן אינפלוענציע קראַנקען?

פר. ראָטמאַן ענטפערט אויף די אינטערפּעלאַציאָנען.

1) דער בענעפיט איז אין דער צייט פון דער מגפה געווען הינטערשטעליג אויף 3 וואָכען.

2) מיר האָבען געדענקט צו העכערן דעם בענעפיט, ווען מיר האָבען געהאַט אַ גרויסען סוירפּלוס אין פאָנד. איצט האָט די מגפה פאַרצעהרט דעם סוירפּלוס און פאַר יעדען דאָלאַר, וואָס מיר זאָלען העכערען אויף דעם בענעפיט, וועט מען דאַרפען העכערען די דיוס אויף 15 סענט אַ קוואַרטאל. די בילס קענען אונטער די אומשטענדען מעהר ניט פאַרגרעסערט ווערען.

3) משוגעים קריגען בענעפיט אויף געזעצליכע סטייטמענטס.

4) די קראַנקהייט איז ניט קיין לאַנגע און זי דויערט נור אַ צוויי, העכסטענס דריי וואָכען.

דער באריכט וועט גוטגעהייסען און די קאָמ. און פר. ראָטמאַן ווערען באדאַנקט.

דער גענ. סעק., פר. י. באַסקין, גיט דאַן אָפּ זיין פינאַנציעלען באריכט.

ער פאַנגט אָן מיט דער באמערקונג, אַז ער האָט ערוואַרטעט צו האָבען אַ בעסערען באריכט. ער איז געווען זעהר אָפּטימיסטיש איבער'ן צושטאַנד. אָבער דער שטורעם פון דער מגפה האָט אַלעס אָפּגעווישט.

אונזערע טויטען־פעלע זיינען ביז'ן לעצטען קוואַרטאל געווען נור אַרום 3 פון טויזענד. אין לעצטען קוואַדטאל זיינען געשטאָרבען אַרום 270 מעמבערס. דאָס האָט אַרונטערגעבראַכט אונזער וואַלואיישאַן און געהויבען אונזער טויטען־רייט. דעם פאַרגאַנגענעם יאָהר האָבען מיר געהאַט 183 טויטען־פעלע, דעם יאָהר וועלען מיר האָבען 418 טויטען־פעלע, מיט 235 מעהר ווי פאָריגען יאָהר. אַ געוויסע צאָהל טויטע זיינען נאָך ניט געמאָלדען, דאָס מיינט, אַז אונזער „מאָרטשוערי פאָנד„ ווערט פיעל קלענער. אָבער אַ דאַנק די אָנגענומענע צאָהלונגען פון פּראָטוירנאל רייטס, האָט עס מעגליך געמאַכט, דאָס אין דער צייט וואָס אַנדערע אָרדענס מוזען אַרויפלעגען עקסטרא גרויסע טעק־סעס אָדער ציהען הונדערטע טויזענדע דאָלאַרס פון זייערע רעזערוו פאָנדס, איז דער אַ. ר. שטאַרק און זיכער און טראַכט נאָך אפילו ני[…] פון אָנפאַנגען ריהרען זיין רעזערוו פאָנד.

מיר האָבען 16 טויטען־פעלע פון דער אַרמעע. פון זיי זיינע[ן] 5 גע'הרג'עט געוואָרען דירעקט אין שלאַכט. די נאָרמאַלע צאָהל טוי[…] טען־פעלע צו ערוואַרטען לויט אונזער פּראָפּאָרציע סאָלדאַטען אי[…] אַרום 35.

פאַר אונזער טויטען בענעפיט האָבען מיר צוויי פאָנדס: דע[ם] רעזערוו פאָנד, אין וועלכען עס געהען אַריין 33 פּראָצענט פון אונ־זערע צאָהלונגען צום טויטען־פאָנד, דער איינס פּראָצענט איינטריטס־געלד און די פּראָצענטען פון אונזערע אינוועסטמענטס. די איבריג[ע] 67 פּראָצענט פון טויטען־פאָנד געהט אין אַ צווייטען פאָנד, וועלכער רופט זיך „מאָרטשוערי פאָנד“. פון דיעזען פאָנד ווערט געצאָהלט פאַר אונזערע טויטען־פעלע. דיעזער פאָנד האָט מיט דער איינגאַהמע ביז דעם 1טען יאַנואַר געדאַרפט האָבען אַרום 130,000 דאלאַר. אַזוי ווי דיעזען קוואַרטאל האָבען מיר געדאַרפט אויסצאָהלען 67,000 דאלאַר אין טויטען בענעפיט, האָט נאָך דיעזער פאָנד אַלץ אַ סוירפּלוס פון אַרום 53,000 דאלאַר.

דער קאָנסאַמפּשאַן בענעפיט פאָנד איז פאָרלויפיג ניט באריהר[ט] געוואָרען פון דער מגפה און ער וועט האָבען דעם ערשטען יאַנואַ[ר] אַ סוירפּלוס פון אַרום 45,000 דאלאַר.

דער קראַנקען בענעפיט פאָנד האָט ביז יעצט געהאַט אַ סוירפּלו[ס] פון אַרום 60,000 דאלאַר, וועלכער איז כמעט אין גאַנצען פאַרצ[…] געוואָרען צוליעב דער מגפה.

דער קאָנווענשאַן פאָנד האָט יעצט אַ סוירפּלוס פון 4,000 דאלאַר, אָבער נאָך דער נעקסטער קאָנווענשאַן איז צו ערוואַרטען אַ דעפי[…] ציט פון אַרום 6,000 דאלאַר.

דער אַדמיניסטריישאַן פאָנד האָט אַ סוירפּלוס פון 4000 דאלאַר. דער „פריינד“ האָט אַ סוירפּלוס פון 2,700 דאלאַר.

אין אַ דעפיציט שטעהט דער סאַניטאַריום אויפהאַלטונגס־פאָנד. די אויסגאַבען דיעזען יאָהר זיינען אַרום 88,000 דאָלאַר, די איינ[…] נאַהמען אַרום 76,000 דאלאַר. מען האָט אויפגעגעסען דעם סוירפּלוס פון לעצטען יאָהר און מען איז נאָך אין אַ דעפיציט פון 8,000 דאלאַר. פר. באַסקין שטעלט זיך אָפּ אויף די אורזאַכען. ער דענקט, אַז 21 דאלאַר אַ וואָך פאַר בלויז אויפהאַלטען אַ פּאַציענט איז אַ אונ[…] ג ע ה ו י ע ר ע ס ו מ ע פ אַ ר אַ ן אַ ר ב י י ט ע ר ־ אָ ר ד ע ן.

דער בילדינג פאָנד האָט אַרום 15,000 דאָלאַר אַ סוירפּלוס. מען האָט דעם יאָהר ניט פיעל געבויט, און לויט אַ באשלוס פון קאָנ־ווענשאַן, וועט מען מיט דיעזען סוירפּלוס דעקען דעם דעפיציט פון אויפהאַלטונגס־פאָנד.

דער אָרג. פאָנד האָט ענדע יאָהר אַ סוירפּלוס פון 2 דאלאַר. מיר ספּענדען 5,000 דאלאַר אַ יאָהר אויף אָרג אַרבייט אין דער צייט ווען גאַנץ קליינע אָרדענס. ספּענדען אויך אַזעלכע סומען יעהרליך. מיר האַלטען דעם גרויסען אַרב. רינג אין קינדערשע קליידער. דער אַרב. רינג געפינט זיך איבערהויפּט אָפּט אין אַ שווערער לאַגע, ווען ער דאַרף ספּענדען געלד אין אַ נויט־פאַל און האָט ניט דאַרויף קי[ין] פאָנדס. דאָס האָט זיך קלאָר באוויזען בשעת מגפה. מיר האָבען ז[…] געבראַכען דעם קאָפּ, וואו צו נעהמען דאָס געלד פאַר'ן קאָרפּוס פון פליהענדער הילף. אַ גליק וואָס מיר האָבען געהאַט 3000 דאלאַר פאַר האָספּיטעלער, וועלכע מיר האָבען ניט אויסגעגעבען.

דער אַ .ר. וועט ניט קענען ווייטער אַזוי זיך פיהרען און אויך שפּיעלען די גרויסע ראָלע און האָבען דעם פּרעסטיזש, צו וועלכען ער איז אין דער ווירקליכקייט בארעכטיגט.

עס דאַרפען אויך געמאַכט ווערען ענדערונגען אין באַצוג צו „סאָסייעטיס“, וועלכע ווילען זיך אָנשליסען אין אַ. ר. אַבוואָהל ער איז געגען דעם, אַז מען זאָל אָפּשאַפען די איינטריטס־געלד, דאָך דאַרף די עקז. האָבען דאָס רעכט גאַנצע סאָסייעטיעס אַריינצונעהמען אויף ספּעציעלע באדינגונגען, ווייל דער איינס פּראָצענט שטערט אָפט צו קענען אַריינגעהמען פאַראיינען.

דער אַלגעמיינער צושטאַנד פון אַ. ר. איז אַ זעהר פרעהליכער. דער פאַרמעגען וועט דעם ערשטען יאַנואַר איבערשטייגען אַ מיליאָן דאלאַר. אונזער מעמבערשיפּ איז מעהר פון 63,000 און אונזער דורכ־שניטליכער עלטער איז עטוואָס וועניגער ווי 32 יאָהר.

פאָלגענדע אינטערפּעלאַציאָנען ווערען געשטעלט צו פר. י. באַסקין:

חלק: וועלכע ציפערען האָט ער, אַז מען קען אין סאַניטאַריום אויסקומען מיט וועניגער ווי 21 דאלאַר אַ וואָך; וואָלט ניט ווערט געווען צו ספּענדען אַ געוויסע סומע און איינשטעלען אַ ריכטיגע סיסטעם?

דיזעלבע פראַגען ווערען געשטעלט פון די פריינדע סאָקאָלאָוו און טייטעלמאַן.

שייער: ווארום זעהט נים דער סעק., אז מען זאל אנשטעלען קאמפעטענטע מעדזשער? דער טשערמאן רולט די פראגע אוי־ער ארדער, ווייל ־י האט געדארפט געשטעלט ווערען נים צום סעק., ר צו דער סאני־אריום קאמיטע.

פר. באסקי' ענטפערט אויף די אינטערפעלאציאנען:

ער שטעלט זיך אפ אויף דעם כאראקטער פון אונזער אינסטי־ושאן, ווי ־ן אונזערע פאציענטען, און ציינט אן אין א לאנגער ־דע, אז ־ען מען וואלט געהאט א מעהר שטרענגע קאנטראלירענדע אנד, ס־ציעל צו מענעדזשען, וואלט אלעס געווען גאנץ אנדערש. ראדיק־ן דארפען געאנדערט ווערען נים, אז עס זאל בלייבען ר׳יסצ־וואָרפען און פאציענטען דארפען קריגען זייער באהאנדלונג ים ווי־יעדען געפעלט, אבער אזוי ווי דער דאקטאר פאראָרדענט. מי־ זיינען אן ארדען פון ארימע ארבייטער און מיר מוזען עהן, ־ ווייט מעגליך, צו זיין עקאנאמיש.

ד־ באריכט ווערט מיט צופריעדענהייט אנגענומען און א ספע־יעלע־ דאנק ווערט אויסגעדריקט צו פר. באסקין.

ד־ מיט ווערט די 5מע זיצונג געשלאסען.

---

זעקסטע זיצונג, זונטאג נאכמיטאג, דעם 29טען דעצ. ־ם טשערמאן פר. ראסקין. דער סעק., פר. אשפיז, באריכטעט פון די קייסעס", וואס די גריוועגס קאמיטע האט פא־האנדעלט.

1) בר. 513 האט אנגעקלאגט דעם גענ. סעק. צו דער נ. ב. א. ד. ־ר זיינעם א בריעף צו זיי, פון וועלכען זיי פיהלען זיך באליידיגט. די קאמ. איז מיט דער מיינונג, אז די אנגעשטעלטע אין א. ר. האבען נור איין באלעבאס — דאס איז די נאצ. עקז., און מיר האבען ־י קלאגע איבערגעשיקט צו זיי.

בר. 330 האט ביים לעצטען צוזאמענפאהר פארקלאגט דער גרי־וועגס קאמ., אז זיי האבען ענטשיעדען אין זייערע א קייס, ביי זיי זיך ־ים אנפרעגענדיג.

ביים פארהער האט זיך ארויסגעוויזען, אז א מעמבער האט פאר־טראטען דעם ברענטש'ס צד, אהנע צו וויסען דערצו באפאלמעכטיגט. ־ גריוועגס קאמ. האט אפילו געשיקט איינעם פון דער קאמ. צו ־ מיטינג פון ברענטש, אבער דער ברענטש טענה'ט, אז זיי ווילען ־אס די גאנצע קאמיטע זאלען א־־ן אויסהערען זייערע טענות א־ ניט דאס הערען פון א צווייטע האנד — דורך א קאמיטע פון ־איינעם געשיקט צום ברענטש.

אונזער גריוועגס קאמ. האט ענטשיעדען, אז דער ברענטש איז באר־־־גט צו ווער־ן אויסגעהערט פון דער גאנצער גריוועגס קאמ. און די נאצ. גריוועגס קאמ. זאל זיי באוויליגען נאך א הירינג.

3) פר. מ. פאזעס, מעמבער פון בר. 87, האט פארקלאגט דער נאצ. עקז. פאר נים לאזען איהם זיין א מעמבער אין דער נאצ. עקז. ווען זיין נעקסט איז געקומען אויסצופילען א וואקאנסיע. די עקז. זאגט, אז ער איז אן אנגעשטעלטער אין „פריינד", אבער ער ארבייט נור 9 טעג אין מאנאט — ווען דער „פריינד" ערשיינט. די קאנסטי־טושאן, ארט. 16, פאראגראף 6 און 7, זאגען: אז אנגעשטעלטע, אדער די וואס מיען ארבייט וואס דארף דויערען צוויי וואכען, טארען נים זיין קיין מעמבערס אין דער עקז. ער איז נים אנערקענט אלס אנ־געשטעלטער, ווייל ער ארבייט נור 9 טעג אין מאנאט, פארטיג צו מאכען א דזשאב. ער ארבייט אויך נים קיין צוויי וואכען נאכאנאנד, און פאלגליך מעג ער זיין א מעמבער אין דער עקז.

אונזער גריוועגס קאמ. איז מיט דער מיינונג, אז דער אפיעל דארף צוריקגעוויזען ווערען. עס וואלט געווען נים ריכטיג צו לעזען די ווערטער פון דער קאנסטיטושאן און זיך נים רעכענען מיט'ן גייסט פון דעם אדער יענעם געזעץ. דער געדאנק פון ארייגשטעלען אזעלכע פונקטען איז געווען, אז איינער זאל ביימאג נים ארבייטען אונטער דער אויפזיכט פון סעק. און אין אווענד ווערען זיין באַ־לעבאס אלס מעמבער פון דער עקז. פר. פאזעס ארבייט אין אפיס און איינע שכירות באטרעפט אדום 550 דאלאר א יאהר און עס וואלט געווען נים ריכטיג, אז ער זאל קענען זיין אן עקז. מעמבער.

4) פר. דווארקין, דער סעק. פון דער נוארק דיסטריקט קאמ., האט פארקלאגט ביים לעצטען צוזאמענפאהר פר. סלאווין, דירעקטאר פון ניו דזשערזי, אז ער האט געשטערט און געשאדעט די ארבייט פ־ דער דיסט. קאמ.

ביים פארהער האט זיך ארויסגעוויזען, אז דא האנדעלט זיך אום א צאנקעריי צווישען צוויי צדדים און עס איז שווער צו באַ־שטימען, ווער פון זיי עס איז מעהר שולדיג, אדער אונשולדיג.

די גריוועגס קאמ. רעקאמענדירט, אז אונזער צוזאמענפאהר זאל ערוועהלען איינעם צו פאהרען דארט און זעהן שליכטען דעם טראבעל, ווייל זייערע צאנקערייען שאדען דעם ערפאלג פון דער ארטיגער דיסט. ארג. קאמ.

דער באריכט פון דער גריוועגס קאמיטע ווערט גוטגעהייסען, מיט דער אויסנאהמע פון דער קייס געגען פר. סלאווין, אין וועלכער עס ווערט באשלאסען, דאס אזוי ווי די קאמ. האט פר. סלאווינ'ען נים געפונען שולדיג אויף דער קלאגע, זאל די קייס אין גאנצען פאר־װארפען ווערען.

די רעקאמענדיישאן קאמ. ברענגט אריין פאלגענדען באריכט:

1) די ארבייט פון דער בענעפיט קאמ. און פון דער אפיס קאמ. זאלען צוזאמענגעשמאלצען ווערען און זאלען איבערגעהן צו דער אפיס קאמ. די בענעפיט קאמ. זאל ווערען אפגעשאפט.

3א) די נאצ. עקז. זאל באשטעהן פון 15 מיטגליעדער, וועלכע זאלען מיטען יעדע וואך און זאלען איבערנעהמען צו פארוואלטען די ארבייט פון די יעצטיגע ארגאניזיישאן, סאניטאריום און אפיס קאמיטעטן און פון דער נאצ. עקז. אלס גאנצע.

ב) די עקז. טיילט זיך איין אין 3 סאב־קאמיטעטן, ארגאניזיי־שאן, סאניטאריום און אפיס קאמיטעטן (די אפיס קאמ. זאל אויך איבערנעהמען די ארבייט פון דער בענעפיט קאמ.), וועלכע מיטען אלע וואך. א מאיאריטעט פון יעדער סאב־קאמ. שטעלט צוזאמען א קווארום.

3א) עס זאל ערוועהלט ווערען א ספעציעלע סטענדינג עדיו־קיישאנאל קאמ. פון 7 מיטגליעדער, וועלכע זאל האבען אויפזיכט אויף די קולטורעלע ארבייט פון ארב. רינג אין אלע איהרע פארמען (דעם „פריינד" אריינגערעכענט).

ב) די עדיוקיישאנאל קאמ. זאל שטעהן אונטער דער אויפזיכט פון דער נאצ. עקז., וועלכע זאל קענען וועטאאירען אלע געלד־אויס־גאבען פאר נייע איינריכטונגען אין פארלויף פון א וואך, נאכדעם ווי זיי זיינען פון באשלוס אפיציעל אינפארמירט געווארען.

ג) א געמיינשאפטליכער מיטינג זאל גלייך פאררופען ווערען פון דער עקז. און עדיוק. קאמיטעטן און דער באשלוס פון דעם מיטינג, אין דער פראגע פון דער וועטא, זאל זיין בינדענד.

4) עס זאל ערוועהלט ווערען א ספעציעלע נאצ. גריוועגס קאמ. פון 7 מיטגליעדער, וועלכע זאלען איבערנעהמען די ארבייט פון דער יעצטיגער גריוועגס קאמ. (זי זאל אבער נים זיין קיין טייל פון דער נאצ. עקז. קאמ.). די ענטשיידונגען פון דיעזער קאמ. קענען אפעלירט ווערען צו דער נ. ב. א. ד.

די קאמיטע באגרינדעט איהרע רעקאמענדיישאנס דערמיט, וואס פון אלע באריכטען ציינט זיך, אז די בענעפיט קאמ. האט נים קיין ארבייט און זי איז אין גאנצען נים נויטיג. די בענעפיט קען אויס־צאהלען די אפיס קאמ., וועלכע טוט עס אויך איצט. טאמער מאכט זיך א ספסוך, קען דאס געהן דירעקט צו דער גריוועגס קאמ., און נים ווי עס פיהרט זיך היינט אין א פראגע פון בענעפיט, אז בעפאר האנדעלט די בענעפיט קאמ. און נאכהער האנדעלט אין דער זעלבער פראגע די גריוועגס קאמ. און ביידע זיינען א טייל פון דערזעלבער נאצ. עקז.

די הויפט־ארבייט פון דער עקז. איז צו פארוואלטען די ארג. ארבייט, דעם אפיס און דעם סאניטאריום, און די פליכטען פון דער עקז. אלס גאנצע. אן עקז. פון 15, וועלכע זאל איבערנעהמען די גאנצע ארבייט, וועט זיין גענוג.

די עדיוקיישאן איז א ספעציעלע איינריכטונג און דארף אלס אזעלכע באטראכט ווערען. פאר דעם ערפאלג פון אונזער קולטורעלע ארבייט איז נים נויטיג, אז די מעמבערס פון דער עדיוקיישאנאל קאמ. זאלען אויך זיין עקז. מעמבערס, און דערמיט מאכען, עס זאל ווערען א גרויסע, וואס דאס מיינט, אן אונגעשיקטע עקז.

דאס זעלבע איז אויך מיט דער גריוועגס קאמ., אום צו פסק'ענען דין־תורות, איז נים נויטיג, אז די קאמ. זאל זיין א טייל פון דער אדמיניסטראציע. דער אונטערשיעד פון דער יעצטיגער גרי־ קאמ. ביז דער אמאליגער לאא און קאנסטיטושאן קאמ. באש אין דעם: אין דער צייט וואס די ענטשיידונגען פון דער אמאי „לאא און קאנסטיטושאן קאמ." זיינען געווען בינדענד, וועט געגען די ענטשיידונגען פון דער נאצ. גריוועגס קאמ. קענען אפע צו דער נ. ב. א. ד.

נאך א לענגערע היציגע דעבאטע ווערען די אויבען־דערנ רעקאמענדיישאנס אנגענומען, מיט'ן באשלוס: אז אין די פראג דער אפשאפונג פון דער בענעפיט קאמ. זאל אונזער רעקאמענד זיין א באזונדערע. מיר רעקאמענדירען, אז די קאמיטע זאל ווער געשאפט זאגאר ווען די קאנווענשאן וועט אונזער נייע פארוואל פארם נים אננעהמען, און וועט באשליסען צו בלייבען ביים ז

די קאמ. רעקאמענדירט, אז מען זאל דעם פאנד פאר די ג טעטע מעמבערס פארוואנדלען אין אן עמוירדזשענסי פאנד א טעקס פון 10 סענט זאל פארבלייבען.

ווערט גוטגעהייסען.

זיי רעקאמענדירען, אז די קאנווענשאן זאל גוטהייסען וויטער דעם געמיינשאפטליכען באשלוס פון דער נאצ. עקז נ. ב. א. ד. אויסצוצאהלען די העכערונג אין די ריילראוד פעיר כל־זמן די העכערונג וועט אנהאלטען. — ווערט גוטגעהייסען.

זיי רעקאמענדירען מיר זאלען באנייען אונזער פאר־א־יאהריגע רעקאמענדיישאן, דאס די מעמבערס וואס זיינען אריין אין א. ר. אין עלטער פון 35 יאהר און העכער (בעפאר די פראטוירנאל רייטס זיינען אנגענומען געווארען), זאל צו זיי פון 4טען יאהר אן און ווייטער גוטגעמאכט ווערען 25 פראצענט פון זייערע צאהלונגען צום מארטשוערי פאנד. — ווערט גוטגעהייסען.

עס ווערט באשלאסען, אז די גריוועגס קאמ. זאל גערופען ווערען צו א מיטינג און זאל באטראכטען די פאלגענדע פראגען:

1) א יוניפארם וועג צו שטימען פאר נאציאנאלע בעאמטע און פאר דעלעגאטען צום קאנווענשאן.

2) וועגען העכערען די קראנקען בענעפיט און וועגען טויזענד דאלארדיגע פאליסים.

3) וועגען הילפע פאר די יתומים פון אונזערע מעמבערס, וועלכע זיינען געשטארבען אין דער לעצטער מגפה.

4) וועגען געבען עקסטרא בענעפיט אין סאניטארוים אויפ'ן רעכענונג פון ברענטש.

די רעקאמענדיישאנס, וועלכע וועלען אויסגעארבייט ווערען פון דער גריוועגס קאמ., זאלען געשיקט ווערען צו די דירעקטארען. און א מאיאריטעט שטימען זאלען דיעזע פראגען ענטשיידען.

פר. מ. י. אשפיז ווערט איינשטימיג ערוועהלט אלס אונזער דעלעגאט צו דער נעקסטער קאָנווענשאן.

עס ווערט באשלאָסען אויף דער איינלאדונג פון פר. גוסקין צו שיקען אַ קאָם. צו באזוכען דעם סאניטאריום גלייך נאָך אונזער צוזאַמענפאָהר. אלס קאָם. ווערען ערוועהלט די פריינדע דיי און שייער.

דער טשערמאַן גיט דאַן דאָס וואָרט צו גענ. י. ב. ביילין צו שליסען דעם צוזאַמענפאָהר.

פר. ביילין באשפרעכט די אויסבעסערונגען און די נייע איינריכטונגען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען אין „פריינד". ער אַפּעלירט מיר זאָלען ארבייטען אין דער ריכטונג, אַז דער „פריינד" זאָל מיט דער צייט ווערען פאַרגרעסערט, ווייל דער פלאַן איז איצט צופיעל באשרענקט צו קענען אַדורכפיהרען דעם גאַנצען פּראָגראַם. אַ העכערונג פון צוויי סענט וואָלט דעם „פריינד" געמאַכט פאַר אַן אמת'ען פאַמיליען־זשורנאַל, וואָס זאָל אונזערע מיטגליעדער געבען צוזאַמען מיט די אַ. ר. זאַכען אויך אַ וועלט־אנשויאונג אין געזעלשאַפטליכע פראַגען און אַ צוטריט צו שעהנע ליטעראַטור. ער גיט צו, אַז אונזער פלאַן אַפּצוטיילען די עדיוק. קאָם. און איהר מאַכען פאַר אַ באזונדערע קאָמיטע איז ווערט אויסגעפּרובט צו ווערען. סיידי ווי טוט די עקז. אלס אַזעלכע, ניט דירעקטען זאַכען, וואָס האָבען צו טאָן מיט דער ליטעראַרישער זייט, אָדער מיט טעכנישע זאַכען פון עדיוקיישאָן און פון „פריינד", און זי נעהמט אין אַזעלכע פראַגען דעם וואָרט פון ספּעציאַליסטען.

ער בעט אויך, אין פאַל איינער האָט געוויסע רעקאָמענדאַציאָנען ווי דעם „פריינד" נאָך מעהר אויסצובעסערען, איז ער ווילקאָמען און אויב פּראַקטיש און מעגליך, וועט עס איינגעפיהרט ווערען.

די נ. ב. א. ד. דריקען אויס אנערקענונג און צופריעדענהייט מיט דער פּאליסי פון דער רעדאַקציאָן פון „פריינד" און דער טשערמאַן באדאַנקט פר. ביילין אין נאָמען פון דער נ. ב. א. ד. פאַר זיין גוטע ארבייט אלס רעדאַקטאַר.

דערמיט ווערט דער 3טען צוזאַמענפאָהר פון דער נייעשאָנאַל באָארד אוו דירעקטאָרס פון אַרבייטער רינג געשלאָסען.

מ. י. אשפיז, סעק.

# בריעף־קאסטען

י קאַין: מאנטיסעלא: אונז וואונדערט ווידער אייער זיכערקייט. אוידער איהר מאַכט אַ באהויפּטונג, אַז עס איז נישט געווען אין „פריינד" האָט איהר זיך געדאַרפט גענוי איבערצייגען. גראַדע איז געווען אַ ספּעציעלער אַרטיקעל אין נאָוועמבער נומער „פריינד" און נאָטיצען [illegible] נומער. איהר האָט אויך ערהאַלטען אַ צושריפט פון [illegible] האָספּיטלער איז נישט מחויב צו באזוכען די אינפלוענצע־[illegible] פריינד [illegible] האָט איהר עס פאַרזעהן? אַלע צייטונגען האָבען [illegible] און גראַדע נישט איין מאָל, אַז אינפלוענציא איז [illegible] געוועהנליך אַנשטעקענד.

איזידאָר שפּילער, בר. 330: די פראַגע וועגען די [illegible] פון 10 סענט ווערט פאַרהאַנדעלט פון דער דזשענעראַל עקזעקוטיווע צו מאַכען עס פאַר אַן „עמוירדזשענסי פאָנד" (אַ נויט־פאָל פאָנד) און וועט אויך וואהרשיינליך פאַרהאַנדעלט ווערען אויף דער דעמקראַט [illegible] שאָן. וועגען אונזערע פאַרוואונדעטע פריינד וועלען מיר [illegible] פאַר האַנדלען, ווען מ'וועט זיך ווענדען צו אונז אין אַ קאָנקרעטען פאַל. דערווייל איז די פראַגע אַן אַקאַדעמישע.

א. פּייע, אָדער א. פּיידזש: אויף אייער בריעף, געשריבן אין ענגליש, האָט איהר נישט קיין אַדרעס און נישט קיין ברענטש נומער און אַזוי ווי מיר זיינען נישט קיין מלאכים, נאָר זינדיגע [illegible] וועלען מיר שוין מוזען וואַרטען און זעהן מיט וואָס איהר [illegible] „נאַקאַזעווען" פאַר אונזער אונפּינקטליכקייט.

פראַנק פּריים, ניו יאָרק: ליידער אונדרוי [illegible]

בר. 162, שיקאַגאָ: אייער פּראָטעסט געגען דער [illegible] קאָמיטע איז אָנגעקומען צו שפּעט פאַר'ן פעברואַר נומער. געהן אין נעקסטען.

א. ליפּאוועצקי, ברוקלין: מיר דרוקען אייער מיינונג וועגען די שפּאַציערען. וועגען די דיסטריקט דאָקטוירים איז דאָך שוין פאַרגעקומען אַ קאָנפערענץ, און די פראַגע וועט שוין זיין ערלעדיגט ביי דער צייט.

י. שמוקלער, ניו [illegible]: צו שפּעט אָנגעקומען. אין נעקסטען נומער.

מ. בוטה, גלענס־פאָלס: [illegible] שום צווייפעל, אַז „די אַלטער נאַר און טויגעניכטס!" האָט ער איהם גערופען, „ווען דו קענסט נישט טון דיין פליכט — מאַך איך דיר צו מוסען!" איז אַ גאַנץ שטאַרקער אַרגומענט, אָבער זעהר שוואַכע פּאָעזיע, פריינד. מיר [illegible] יעדע זאַך גוט אַדורך אוידער מיר שיקען [illegible] פאַראָד צו אין רעדאַקציאָנס־קאָרב, אָדער צום זעצער.

---

אַ סאָציאַליסט איז דער, וואָס טוט עפּעס פאַר'ן סאָציאַליזם. אַליין טון קען מען נישט. מ'מוז עס טון בצבור — אין [illegible] האַרמאָני.

* * *

[illegible]ן צוואַנציג מיטגליעדער אין ברענטש — הייסט קאַפּיטאַל נאָך אַ טרענטש.

* * *

מוני בלייבט לעבען, אָבער ער איז נאָך נישט פריי. אַזוי איז עס דערווייל אויך מיט'ן אַרבייטער־קלאַס.

* * *

צוליעב דער קריטישער צייט אין לעבען פון אונזער פאָלק האָבען מיר שוין געוואָלט אויף אַ ווייליע פאַרגעסען אונזער קלאַסען־קאַמף, האָבען עס אָבער אונזערע בעלי־בתים געוויסענהאַפט דערמאַנט אונז...

* * *

די „באָיעס" געהען אַרוים פון די טרענטשעס פון נאַציאָנען־קאַמף אום אַריינצוגעהן אין די טרענטשעס פונ'ם קלאַסען־קאַמף.

* * *

אין דעם לעצטען קוואָרטאַל האָט דער אַ. ר. אויסגעצאָהלט אַרום אַכציג טויזענד דאָלאַר „סיק בענעפיט" און דאָך איז דער „סיק בענעפיט פאָנד" נישט אויסגעשעפּט און איז זיכער. אַזוי זיינען די איבעריגע פאָנדען אין אַרבייטער־רינג.

* * *

אויב אַלע ברענטשעס אין אַ. ר. וועלען נאָכטון בר. 367 וועט דער אַרבייטער־רינג שאַפען אין דעם „דרייוו" פאַר די מלחמה־קרבנות דריי הונדערט טויזענד דאָלאַר. נישט אומזיסט רופט זיך דער ברענטש „וויל־נאַר"...

* * *

פאַר'ן אַריינגעמען פינף נייע מעמבערס קריגט איהר זיבען וויסענשאַפטליכע ביכער פון דעם אַרבייטער רינג'ס 1918 ביבליאָטעק. עס איז נישט נאָר אַ ווערטהפולע מתנה, נאָר אויך אַ שעהנע.

ניעדער מיט די בורבאָנען! און מעגען זיי זיך רופען מיט דעם שעהנעם נאָמען „דעמאָקראַטען".

* * *

די „הוידעמאַקעס" מיט די פּאָליאַקען ראַנגלען זיך נאָך אַמאָל אין אַ טיטאַנישען קאַמף און ווידער גיסט זיך אידיש בלוט ווי וואַסער. דאָס מאָל געפינען זיך די כמעלניצקים און די גאָנטהאָס אין דעם צווייטען לאַגער.

* * *

פאַר די לעצטע עטליכע יאָהר האָבען אונזערע גאַליציאַנער אידען אָפּגעקריגען דעם חלק, וואָס עס איז זיי געקומען אלס אידען (אום נישט מביש צו זיין זיי). אָנגעגעסען זיך מיט די קאָזאַקען און פאַרביסען מיט די פּאָליאַקען.

* * *

אַ רעטעניש: אין אַכצעהן־אַכצעהן איז געבאָרען געוואָרען דער פאָטער. ווען אין ניינצעהן־ניינצעהן געבאָרען ווערען דאָס קינד?...

* * *

ווען אין פּאַריזער גאַסען פאַרוועהרט מען שוין אויך צו מאָנסטרירען מיט דער רויטער פאָהן, איבערצייגט עס נאָך שטאַרקער, אַז דערווייל איז נאָך די וועלט אַלץ נישט זיכער [illegible] איהר דעמאָקראַטיע.

* * *

פאַר אונזערע ברידער אין די חרוב'ע לענדער וועט נישט גענוג זיין אונזער מיטפיהלענדער זיפץ אָדער האַרצרייסענדער קרעכץ — מיט מיטגעפיהל אַליין קען מען זיך נישט נעהרען.

* * *

אין נאָרטה־קאַראָליינא סטייט אַרבייטען קינדער פון פינף ביז פערצעהן יאָהר אַלט זעכציג שעה אַ וואָך. אַרבייט קליינוואַרג, כאַפּט אַריין וויפיעל איהר קענט נור; איהר קענט נאָך חס־ושלום גיך רייך ווערען און דאַן וועט איהר שוין קיין „טשענס" נישט האָבען...

---

# זאָל עס זיין פינף און זיבעציג [illegible]ויזענד!

To the Postmaster:—Please give key number on all notifications pertaining to change of address.




אפיציעלער ארגאן פון ארבייטער רינג

# פינף און זיבעציג טויזענד, נים וועניגער!

אינהאלט:



# THE FRIEND

OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMEN'S CIRCLE

MARCH, 1919



מארטש, 1919

# THE FRIEND

OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMEN'S CIRCLE

Published Monthly

ABRAHAM EPSTEIN, National Chairman
S. WALLACE, National Vice Chairman
M. J. ASPIS, Sec'y N. B. of Directors

J. BASKIN, General Secretary
P. GELIEBTER, Recording Secretary
M. PERLOVITZ, Treasurer

I. B. BAILIN, Managing Editor

Office of Publication:
62 Van Buren Street, Passaic, N. J.
General Office:
175 E. Broadway, New York, N. Y.



Subscription Rates:
Per Annum, 50c. Six Months, 25c.
Single Copy, 5 cts.

Entered as second class matter April 21, 1911, at the Post Office at Passaic, N. J.

THE FRIEND  דער פריינד

Vol. X · MARCH, 1919 · No. 3

# פון מאנאט צו מאנאט

**אין דעם אימפעט פון קאמפיין**

מיר זיינען שוין הארט ארום דער ליניע פון זיבעציג טויזענד און אונזערע לײדענשאפטליכע קאמפיינער זיינען אין רעכטען ברען און שוואונג פארמאסטען אפצואווישען אלע אנגעצייכענטע גרעניצען און צו ערשטוינען די רעגענבויגענדיגסטע פאנטאזיעס.

עפעס זעהט עס אויס, ווי אונזער ארבייטס־פעלד האט ווירקליך קיינע גרעניצען נישט. מיר האבען נאך נישט רעכט אנגעריהרט אפילו די סאמע אויבערשטע פלאסטען און פון אויסשעפען אונזערע מעגליכקייטען אין דער ברייט קען דערוויל זיין אזא רייד, ווי וועגען דעם אויסשעפען פון אונרעכטען אין א קאפיטאליסטישען שטאאט. און טאקע, ווען מיר נעמען אויסמעסטען אונזער ארבייטס־פעלד, קענען מיר ערשט זעהען ווי ווייניג מיר האבען נאך דערוויל אדורכגעאקערט און ווי נאך לעכערליך ווייניגער מיר האבען פארזעעט אין פארגלייך מיט דעם ענדלאזען באדען, צו וועלכען מיר קענען צוקומען. עס ווערט אפגעשאצט, אז נישט ווייניגער ווי פיער הונדערט טויזענד אידישע ארבייטער זיינען ארגאניזירט אין יוניאנס, וועלכע זיינען אייגענטליך דאס בעסטע מאטעריאל פאר דעם א. ר. ארום צוואנציג טויזענד אידען באלאנגען צו דער סאציאליסטישער פארטיי און אזעלכע זיינען דאך געוויס די בעסטע מעמבערס, וואס מיר קענען זיך ווינשען. די גרויסע אידישע צענטרען פון ניו־יארק, שיקאגא און פילאדעלפיא האבען נעסטען פון טויזענדער ראדיקאלען, וואס האבען נישט קיין יוניאן און נישט קיין פארטיי, און דער א. ר. וואלט פאר זיי געווען ווי געוואונשען. אלע קענען דערגרייכט ווערען מיט א ביסעל אנשטרענגונג. אבער עס איז אונמעגליך פאר אונזערע בראווע קאמפיינער אליין צוצוקומען צו דיעזע טויזענדער מאסען. נאך אלעמען קען זיך קיינער נישט ארייגרייסען אין א נייער סביבה אהן דעם ארויסרייסען זיך פון דער אלטער. יעדער מענש האט זיין קרייז, צו וועלכען ער קען צוקומען פריי. זיין קרייז, וואס קיין אנדערער קען זיך אהין נישט ארייגלעבען אהן דעם ארויסלעבען זיך פון דעם אלטען קרייז.

מיר מוזען דאריבער מאביליזירען אלע אונזערע קרעפטען. מיר מוזען ארויספאדערען אפילו די, וועלכע זיינען נישט פון נאמור אויס קיין קאמפיינער, אפילו די צוריקגעהאלטענע, האלבשעמעוודינע, ווייניג־רײדעוודינע פריינד. אלע קרייזען פון דער אידישער ארבייטער מוזען אויפגעטרייסעלט ווערען פון אונזער קאמפיין.

**יעדער אידישער ארביטער און ראדיקאל, וואס איז נאר פאסינג פאר'ן ארביטער־רינג, מוז דערגרייכט ווערען מיט דער אויפפאדערונג אריינצוטרעטען אין אונזערע רייהען.**

איהר מוזט, פריינד, מאכען אן אנשטרענגונג, אז אלע די, מיט וועלכע איהר פארקעהרט, סיי אין אייער ארבייט, סיי אין אייער פאמיליען־קרייז, סיי אין אייער פריוואטער באקאנטשאפט, זאלען וויסען וועגען דעם א. ר., וועגען זיינע אינסטיטוציעס, אידעאלען און ארבייטען.

יע, דאס וועט זיין א קרבן פון אייך. מעגליך איהר וועט איינעם פון צעהן דערקוטשען. מעגליך פאר אייך איז שווער צו אגיטירען און צוצורייידען. אבער מיר פארלאנגען פון אייך דיעזען קרבן. איהר מוזט איהם ברענגען. און מיר פארלאנגען עס נישט פון אייך נאר דערפאר, וואס איהר וועט דערפאר קריגען א געשאנק, אדער דערפאר, וואס אייער ביל וועט ווערען קלענער, דירעקט און אינדירעקט דורך דעם אריינקומען פון נייע טויזענדער מעמבערס, נאר מיר פארלאנגען עס פון אייך הויפטזעכליך דערפאר, וואס מיר ווילען אויסשמידען אין דער אידישער ארבייטער־באוועגונג דעם מעכטיגסטען אינסטרומענט פון קאאפעראציע אויפ'ן ברידערליכען (פראטוירנאל) געביעט. העלפט אונז צו מאכען דעם א. ר. דורך דיעזען קאמפיין פינף און זיבעציג טויזענד שטארק, פאראייניגט ווי איין מענש מיט איין גרויסע הארץ.

* * *

**דער סאניטאריום טאג**

דורך א פרעכטיגען קאנצערט, באזוכט פון עטליכע טויזענד א. ר. מעמבערס, איז אין איינעם פון די שעהנסטע ניו־יארקער פארזאמלונגס פלעצער, אין דער סענטראל אפערא הויז, געפייערט געווארען דער סאניטאריום־טאג. דער שלעכטער רעגענדיגער וועטער האט נישט אפגעהאלטען די עטליכע טויזענד מענשען צו קומען און פייערען דעם הארציגען א. ר. יום־טוב, דעם יום־טוב פון קאאפעראציע און מענשען־ליעבע, דעם יום־טוב פון זעלבסטהילף און ארבייטער־ווירדע.

אויב דער א. ר. וואלט קיין זאך מעהר נישט אויפגעטאן, נאר די באשאפונג פון אזא אינסטיטוציע פאר אונזערע געשעדיגטע מיטקעמפער אויפ'ן אינדוסטריעלען פעלד, וואלט אויך שוין דערפאר אליין געדארפט זיין דער פלאץ פון יעטווידען באוואוסטזיניגען אידישען ארבייטער אין א. ר. ווער קען דען אויסרעכענען און אפשאצען וויפיעל ערנידערונגען און פיינליכע נשמה־עקזעקוציעס עס האט דאס דער אידישער ארבייטער געדארפט אדורכגעהן, ווען די פראלעטארישע קראנקהייט האט זיך אריינגעכאפט אין זיין נעסט. וויפיעל שטיקער בלוט פון בושה־גיפט און ווירדעלאזיגקייט ער האט עס געדארפט אויסשפייען אלס צוגאבע צו די שטיקער בלוט פון זיינע פארוואונדעטע לונגען. און ווי איז געוועזן זיין באהאנדלונג! ווי איז געוועזן די ביוראקראטישע רחמנות־השגחה, וואס האט מיט איין האנט געלעכערט, וואס די צווייטע האט פארהיילט!

און דא האבען די ארגאניזירטע ארבייטער מיט ניין יאהר צוריק באשאפען זיך אן אינסטיטוציע, וואס איז פון פונדאמענט ביז'ן קוימען איינגעהילט אין אן אטמאספערע פון קאאפעראציע און ברודער־ליעבע און אפגעשאפט פאר זיך די מעגליכקייטען פון דארפען אנקומען צו דער מאדאם צדקה מיט איהר לאנגער שלעפע פון רחמנות, די זעלבע מאדאם, וואס אונטער אן אנדער שלייער איז עס פאראנטווארטליך פאר די צוריפעלטע פראלעטאריער־לונגען און פאר זייער עלענד און הילפלאזיגקייט אין טאג פון אומגליק.

ווי האבען עס נישט געקענט קומען עטליכע טויזענד מענשען אין א פריקרען וועטער צו פייערען אזא נצחון פון ארבייטער־איניגקייט און זעלבסטהילף!

און אונז וואונדערט נאר פארוואס אונזערע טויזענדע און צעהנדליכע טויזענדע פריינד פון אונזער אָרדען נוצען אזוי ווייניג אויס אונזער אונפארגלייכליכע אינסטיטוציע אין זייער

אגיטאַציאָן פאַר'ן אַ. ר., סיידען זיי גיבען זיך אַליין קיין חשבון נישט אָפּ פון זייער אייגענעם אויפטו, סיידען די צוועלף הונדערט געראַטעוועטע פריינד פאַר די לעצטע ניין יאָהר זיינען עפּעס וואָס עס איז נישט ווערט קיין פיעל ווערטער וועגען זיי צו פאַרלירען.

אייגענטליך איז טאַקע דער סאַניטאַריום־טאָג דערפאַר באַשטימט געוואָרען, כדי אונזערע מיטגליעדער אַליין זאָלען עטוואָס מעהר ערפאַהרען פון זייער אינסטיטוציע.

דיעזער צוועק איז פולשטענדיג דערגרייכט געוואָרען אין דער היי־יאָהריגער פייערונג אין דער סענטראַל אָפּערא הויז.

עס איז אָבער געווען נאָך אַ צוועק. אויך אַ שעהנער און אַן אידעאַלער — צו שאַפען געלד אין דעם טאָג פאַר דעם רעליעף־פאָנד פון פינף און צוואַנציג טויזענד דאָלאַר.

און אויך דיעזער צוועק איז אויף אַ ברייטען מאַסשטאַב ערפילט געוואָרען. הונדערטער דאָלאַר זיינען אויפ'ן אָרט געגעבען געוואָרען און נאָך מעהרער זיינען צוגעזאָגט געוואָרען פון די צעהנדליגע פאַרטרעטער פון די ניו־יאָרקער ברענטשעס.

אַזוי האָבען זיך צוויי הייליגע צוועקען צוזאַמענגעפלאָכטען אין אַ פייערונג, וואָס האָט אויפגעבלאָזען אפילו אין פאַרלאָשענע הערצער די פונקען פון ליעבע און ברידערליכקייט.

* * *

**עכטער צעמענט**

אין דער געשיכטע פון אונזער געיאָגט און געפייניגט פאָלק האָבען זיך גענוג טראַגעדיעס אָפּגעשפּיגעלט. שוידערליכע, בלוטיגע, ערשיטערענדע.

איינע פון זיי איז אָהן צווייפעל דאָס, וואָס גאַנצע שטיקער פון פאָלק זיינען צוליעב די רדיפות פון די קאַטוילישע מלוכות אָפּגעריסען און פאַרפרעמדט געוואָרען איינע פון די אַנדערע, אַזוי אַז עס איז כמעט נישט געבליבען קיין איין זאַך, וואָס זאָל זיי פאַראייניגען אפילו אין די ערטער, וואו דער גורל האָט זיי שוין יאָ פאַרוואָרפען איינע נעבען די אַנדערע. אין דעם פאַל מיינען מיר עס די שפּאַנישע אידען, וואָס זיינען פון אונז פאַרפרעמדט געוואָרען, אָפּגעריסען געוואָרען און נאָר אַ קוים באַמערקבאַרער, דינער, שפּינוועב'דיגער פעדימעל, די רעליגיאָן, האָט זיך נאָך ווי עס איז אָנגעהאַלטען אָן דעם אָרטאָדאָקסישען טייל פון אונזער יודענטום.

אין אָבער גראַדע די איראָניע פון דער געשיכטע אַזאַ, אַז גראַדע די וואָס מ'פאַרשרייט אַלס פאַררעטער, שונאי־ישראל, אסימילאַטאָרען און אָפּסטאַטען טוען אינדירעקטערהייט און אָהן גוואַלדען און געשרייען מעהרער אויף צו דערנעהנטערען די מיט גוואַלט אָפּגעריסענע טיילען פון פאָלק, ווי די געשוואָרענע כל־ישראל־פּרעדיגער, וואָס פאַרגרילצען די אויערען מיט פאַטריאָטישען פאַטעטיזם אויף זייער הויכען שאָוויניסטישען פאַלצעט.

די אַרבייטער־באַוועגונג האָט שוין לאַנג אָנגעצייכענט די טענדענצען פון צוזאַמענברענגען און פאַראייניגען אין נאַטירליכע פאַרבאַנדען, די שאַפענדע כחות פון אידישען פאָלק.

נישט נאָר זאָרגען דערפאַר איהרע עקאָנאָמישע יסודות, וואָס זיינען מערקווירדיגערווייזע זעהר עהנליך ביי די שפּאַנישע אידען, ווי ביי די האָלענדישע, די טערקישע ווי די אונגאַרישע, די גאַליציאַנער ווי די רוסישע, נאָר אויך איהר גייסטיגער הימעל איבער'ן קאָפּ, די אידעאַליסטישע אַטמאָספערע אַרום איהר איז פון אַזאַ סאָרט, וואָס מוז דערנעהנטערען אויף אַ קוים באַמערקבאַרען און אינדירעקטען אופן די פאַרשיעדענע „פרעמדע" עלעמענטען און גרופּירען זיי, אין די אָדער יענע פאָרמען, באַזונדער.

דער אַרבייטער־רינג ציהט צו זיך, ווי אַ ברען־גלאָז די שטראַלען פון דער זון, די בעסטע און אידעאַלסטע כחות פון די אידישע שאַפענדע מאַסען. ער אָרגאַניזירט זיי און קאָמבינירט זיי און טראָגט שוין דאַריבער ממילא אַ נאַציאָנאַליזירענדען כאַראַקטער, פון אַ גאַנץ נאַטירליכער, פּראָגרעסיווער פּראָבע, אָהן די פּסולת און מאַנופאַקטירטען סם פון דער נאַציאָנאַליסטישער פאַבריק.

מיר זיינען זיכער, אַז עס וועט פרעהען פיעלע טויזענדער פון אונזערע מעמבערס צו הערען, אַז דער אַ. ר. הויבט שוין אויך אָן צו ווערען פּאָפּולער צווישען די שפּאַנישע אידען און אַז אין ניו־בראָנזוויק האַלט זיך אין אָרגאַניזירען אַ ברענטש פון עטליכע הונדערט שפּאַנישע אידען. מיט איניגע וואָכען צוריק האָט פריינד גערשאָנאָף, אַ מיטגליעד פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע, געמאַכט די נויטיגע פאַרבינדונגען און עס איז נאָר אַ פראַגע פון עטליכע וואָכען ביז די באַוועגונג זאָל זיך אויסקריסטאַליזירען אין אַ פאַרענדיגטער פאָרמע.

מיר האָבען עס שוין לאַנג געוואוסט, אַז אין דעם עצם־פּראָצעס פון אונזער שטילער ביהנען־אַרבייט אויף די נאַטירליכע און איינפאַכע אופנים, אין וועלכע עס האָבען זיך אויסגעגאָסען אונזערע באַוועגונגס־אָפּטיילונגען, ענטשטעהט דער געזונטער, פּראָגרעסיווער, נאַציאָנאַלערשאַפונגס־כח, וואָס איז מעהר ווערטה, ווי די פּוסטע קנאַלען פון די ל"ג־בעומר־ביקסלאַך אין די הענד פון אונזערע באַלעבאַטישע, נאַציאָנאַליסטישע גענעראַלען מיט פעלדוועבעלשע נשמות.

אונזער פאַראייניגענדער צעמענט איז דער עכטער, אונגעפעלשט און נאַטירליך, ווי דאָס לעבען אַליין.

* * *

**דער יום־טוב פון אַ דיכטער און קעמפער**

דעם 15טען און 16טען מערץ וועט די אָרגאַניזירטע אידישע אַרבייטערשאַפט צוזאַמען מיט די אידישע ליטעראַטען און קינסטלער פייערען דעם 25־יעהריגען יובילעאום פון דער ליטעראַרישער טעטיגקייט פון אַברהם ליעסין, בעריהמטער דיכטער און פּובליציסט און רעדאַקטאָר פון דער „צוקונפט".

עס איז צו באַדויערען, וואָס דער גרויסער יום־טוב פאַלט גראַדע אויס אין אַזאַ צייט, ווען אונזער גאַנצע אויפמערקזאַמקייט איז געריכטעט אויף די גרויסע וועלט־געשעהענישע, ווי דער יום־טוב זאָל נישט פּרעכטיג אַדורכגעפיהרט ווערען, ווי ער זאָל נישט גלאַנצען מיט פייערליכקייט און הערליכקייט, פיהלען מיר, אַז עס קען ביי דער יעצטיגער צייט נישט זיין דאָס, וואָס ליעסין האָט ווירקליך פאַרדיענט.

אַברהם ליעסין איז נישט נאָר אַזוי אַ דיכטער, נאָר איינער פון אונזערע בעסטע און גרעסטע. און נישט נאָר אַ גרויסער קינסטלער, נאָר אויך אַ בראַווער קעמפער, אַ וועג־ווייזער און פיהרער. זיין קינסטלערישע פעדער האָט טריי געדיענט די אינטערעסען פון דעם אידישען אַרבייטער און זיינע אידעאַלען. זיין ליעד האָט איהם געוועקט און געמונטערט צום קאַמף; זיין קריסטאַל־געשליפענע און האַרציגע שפּראַך, אויף וועלכער ער שרייבט זיינע פּובליציסטישע אַרטיקלען, האָט איהם קלאָר געמאַכט אין מוח און אין דערזעלבער צייט פאַנאַנדערגעוואַרעמט די ברוסט.

נאָך פינף און צוואַנציג יאָהר שרייבען איז נאָך זיין פעדער אַזוי פריש און בליציג, אַזוי ניי און זאַפטיג, ווי זי וואָלט נאָר ערשט איינגעטונקט געוואָרען. אַזאַ פעדער ראָסטעט נישט. גאָלד קען נישט ראָסטען.

פיעל פון אונזערע אַ. ר. ברענטשעס ווילען אָהן שום ספק אויף דעם אָדער יענעם אופן אויסדריקען באַזונדער זייער ליעבע און אָנערקענונג צו דעם געעהרטען יובילאַר און ווילען נישט אַדורכלאָזען די געלעגענהייט דירעקט צו באַטייליגען זיך אין די פייערליכקייטען.

און די פון די ווייטערע מקומות ווילען זיך געוויס אָנשליסען אָן אונזער באַשיידענער ברכה: זאָל נאָך לאַנג, לאַנג קרעפטיג זיין די האַנט, וואָס פיהרט מיט דער בילדעררייכער, גייסטרייכער, גאָלדענער ליעסין־פעדער!

* * *

**די קאָנפערענץ וועגען דיסטריקט דירעקטוירים**

די ניו־יאָרקער קאָנפערענץ פון די אַ. ר. ברענטשעס וועגען דער פראַגע פון דיסטריקט דאָקטוירים האָט זיך געשטעלט אויף דעם שטאַנדפּונקט, אַז די רעפאָרם דאַרף אַדורכגעפיהרט ווערען אַזוי שנעל ווי נאָר מעגליך. א[...]גענטליך האָבען די געגנער פון דיעזער רעפאָרם איניגע לאָגישע ב[...]גרינדונגען, וואָס קענען נישט אַזוי גרינג אָוועקגעמאַכט ווערען מיט [...] האַנד. הויבט מען אָבער אָן צו וועגען די מעלות און חסרונות [...] דער רעפאָרם, זעהט מען גלייך, אַז דער וואָג־שאָל בויגט זיך, און גאַ[...] באַדייטענד, אויף דער זייט פון די מעלות.

איינע פון די הויפּט אויסזעצונגען וואָס די געגנער פון ד[...] נייעם פּלאַן האָבען צו מאַכען איז, וואָס מ'וועט באַרויבען די איינצי[...] ברענטשעס פון זייער אויטאָנאָמיע און איניציאַטיווע. אַזוי פיה[...] יעדער מעמבער אין ברענטש, אַז ער איז אַ שטיקעל בעל־הבית איבער [...] דאָקטאָר — ער קלייבט איהם אויס, און אויב ער געפעלט איהם נ[...] וועט ער דעם נעקסטען מאָל אַגיטירען געגען איהם. אונטער דעם ס[...]

מעט, אַבער, פון דיסטריקט דאָקטוירים פאַרלירט שוין דער ברענטש אין דער איינציגער מעמבער אַ גרויסע טייל פון זייער זעלבסטשטענדיגקייט, אַ גרעסערע טייל פון זייער איניציאַטיווע און נאָך אַ גרעסערע טייל פון זייער טעטיגקייט. דאָס איז אַן אַרגומענט, אָבער נישט גענוג איבערצייגענד אין אַלגעמיין און פאַר סאָציאַליסטען איבערהויפט. אין דער יעצטיגער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג האָבען מיר אין געוויסע הינזיכטען אַ גאַנץ גרויסע צאָהל זעלבסטשטענדיגקייטען וואָס מיר ווילען פאַרלירען. ווען אַ מיטגליעד שליסט זיך אָן אַן וועלכער עס איז אָרגאַניזאַציאָן, פאַרלירט ער אַ געוויסע מאָס זעלבסטשטענדיגקייט, וואָס ער האָט פריהער געהאַט אַלס פריוואַטער מענש. אָבער מיט דעם פאַרלוסט פון אַ געוויסען טיילכעלע פון אונזער זעלבסטשטענדיגקייט געווינען מיר פיעלע גרויסע און וויכטיגע זאַכען. דער משא ומתן לוינט זיך. עס איז אָבער אמת איין זאַך אין דיעזער אויסזעצונג, און דאָס איז, וואָס די ברענטשעס וועלען פאַרלירען אַ טייל פון זייער איניציאַטיווע און טעטיגקייט. אָבער אויך דאָס איז נאָך אַלעמען נישט אַזוי געפעהרליך. מיר קענען אָנווייזען גאַנצע בערג אַרבייט צו אונזערע ברענטשעס, וואו זיי וועלען קענען האָבען אַ איניציאַטיווע אַ ענטוויקלונגס־מעגליכקייטען. אין דער אמת'ן פעהלט אונזערע ברענטשעס נישט קיין אַרבייט. עס פעהלען גיכער מענשען צו טון וויכטיגע אַרבייטען. נאָך אַ מאָטיוו גיבען געגנער אָן, וואָס די צענטראַליזירונג פון דער פאַרוואַלטונג איבער די דאָקטוירים וועט אַריינברענגען אין דער אַנגעלעגענהייט „פּאָליטיקס“. נו, דאָס איז שוין אַ צו אַלטער, אָפטמאָל מיסברויכטער, מאָטיוו, וואָס עס ווענדען אָן געגנער פון „מיוניסיפּאַל אָונערשיפּ“, ווען נאָר עס האַנדעלט זיך אויסצופיהרען אַ טיי־לעפעלע שטאַאַטס־סאָציאַליזם. מיטאיינס געזאָגט, די „פּאָליטיקס“ אין אַ. ר. מיר פיהלען זיך נישט אין דעם ענין אונשולדיג ווי אַ זויג־קינד, אָבער אויך נישט שולדיג ווי פּאָליטישענס, פאַר וועלכע מ'זאָל עס דאַרפען מורא האָבען.

די אַרגומענטען פאַר דיסטריקט דאָקטוירים זיינען פיעלע, אַנדערע פון זיי גאַנץ שטאַרקע. אָט זיינען זיי: מיר גלויבען אין קאָאָפּעראַציע, אין אונטערנעמען זאַכען צוזאַמען, כדי צו שפּאָרען ענערגיע, צייט, געלט, געזונט — און האָבען די בעסטע רעזולטאַטען. פיעלע מיטגליעדער, וואָס וואוינען אין ווייטערע געגענדען, ווי די מעהרסטע מיטגליעדער פון ברענטשעס וואוינען, קענען זיך ביי די יעצטיגע אומשטענדען מיט די דאָקטוירים נישט באַנוצען. אַנדערש וועט עס זיין ווען עס וועלען זיין דיסטריקט דאָקטוירים. ווי דער פאַל איז יעצט זיינען די דאָקטוירים נישט אימשטאַנד צו שענקען פיעל אויפמערקזאַמקייט צו די מיטגליעדער פון ברענטש, ווייל עס פאַרנעמט ביי זיי אַ קליינעם פּלאַץ אין זייער פּראַקטיק. ווען אַ דאָקטאָר האָט אָבער אַ דיסטריקט, פון וועלכען ער ציהט שוין אַ באַדייטענדען טייל פון זיין פּרנסה, מוז ער שוין שענקען צום אַ. ר. מעהר אויפמערקזאַמקייט. יעצט קומען פאַר פיעלע אונפּינקטליכקייטען צוליעב דעם, וואָס דער דאָקטאָר האָט אָפטמאָל צו ווייט צו פאָהרען. אַזוי וועט ער זיין נעהענטער צום פּלאַץ. דער הויפּט־מאָטיוו איז אָבער, וואָס ביי „קאָלעקטיוו־באַרגיינינג“ פון צוואַנציג טויזענד מיטגליעדער קען מען זיך ערוואַרבען גוטע קאָנדיציאָנען און די בעסטע דאָקטוירים. יעדער ברענטש באַזונדער קען עס נישט דערווייזען. דער איינציגער מעמבער אַליין וועט אויך האָבען מעהר פרייהייט צו קענען קלייבען דעם דאָקטאָר פאַר זיך, וואָס ער וועט איהם מעהר זיין צום האַרצען (אין אַ דיסטריקט וועלען דאָך זיין עטליכע דאָקטוירים), אין דער צייט, וואָס יעצט, אויב ער אַליין האָט נישט קיין צוטרוי צו דעם דאָקטאָר פון ברענטש, קען ער זיך גאָר נישט העלפען.

די גרעסטע טייל פון דער דזשענעראַל עקזעקוטיווע איז פאַר דער רעפאָרם פון די דיסטריקט דאָקטוירים און עס גלויבט זיך נישט, אַז אונזערע ניו־יאָרקער מיטגליעדער זאָלען עס יעצט דורכ'ן רעפערענדום פאַרוואַרפען. פאַרקעהרט — אַלע אויסזיכטען זיינען, אַז עס וועט אָנגענומען ווערען מיט אַ ריעזיגער מאַיאָריטעט.

* * *

**אַרב. רינג יובילעאומס**

בר. 2 האָט דעם 28טען פעברואַר געפייערט זיין צוואַנציג יעהריגען יובילעאום. אַ יום־טוב, וואָס איז נור ביז לעצטענס דערוויל געפייערט געוואָרען פון בר. 1, דער עלטסטער פּיאָנער ברענטש אין אַ. ר. און ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ אַלטען, איינגעפונדעוועטען און איינפלוסרייכען ברענטש, האָט ער איהם געפייערט מיט אַ ברייטער האַנד דורך אַ שעהנעם קאָנצערט און באַנקעט אין פּלאַזאַ האַל, אין האַרלעם. מיט דער גרינדונג פון בר. 2 און מיט זיין 20־יעהריגער עקזיסטענץ איז פאַרבונדען אַ גרויסע און וויכטיגע שטיק געשיכטע פון דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג אין ניו־יאָרק בכלל און אין האַרלעם בפרט. בר. 2 איז אין פיעלע באַוועגונגען געגאַנגען פאָראויס פיהרענדיג און אויסטרעטענדיג נייע וועגען. זיין „אַרבייטער־היים“ איז געווען, דוכט זיך, די ערשטע פון דעם מין אין ניו־יאָרק און איז פאַר אַ לענגערע צייט געווען דער צענטער פון דער ראַדיקאַלער באַוועגונג אין האַרלעם. אין דער זעלביגער היים האַלט זיך עס יעצט אויף די באַדייטענדסטע אַ. ר. קינדער־שול אין האַרלעם, וואָס דיענט אַלס מוסטער פאַר אַלע אַנדערע אַ. ר. שולען. עס בלייבט נאָר איבער צו ווינשען, אַז די מיטגליעדער פון בר. 2 זאָלען אין פינף יאָהר אַרום פייערן דעם 25־יעהריגען יובילעאום פון ברענטש אונטער פרייערע און פרעהליכערע אומשטענדען.

בר. 212, נאָרפאָלק, ווירדזשיניאַ, איז געקומען אויף דער וועלט מיט צעהן יאָהר שפּעטער ווי בר. 2, פונדעסטוועגען האָט ער זיך אויך נישט וואָס צו שעמען מיט זיין שמחה, וואָס ער האָט געפּראַוועט. עס איז געוואָרען צעהן יאָהר זינט דער ברענטש עקזיסטירט און די מיטגליעדער האָבען באַשלאָסען צו פייערען איהם מיט... אַן ענערגישען קאַמפּיין פאַר'ן רעליעף־פאָנד פון די מלחמה קרבנות. די שמחה האָט זיך געשלאָסען מיט אַ זאַמלונג פון זעכצעהן הונדערט דאָלאַר, וואָס איז טאַקע אויך גלייך אָפּגעשיקט געוואָרען אין דזשענעראַל אָפיס. אגב איז אַזאַ מין אויסצייכנונג קיין נייעס נישט ביי בר. 212. גלייך ווי דער מלחמה־פלאַקער האָט זיך נאָר אָנגעהויבען צו צושפּיעלען האָבען זיי אָרגאַניזירט די ערשטע פּיפּעלס־רעליעף קאָמ. אין שטאָדט און פון איין אונטערנעהמונג אַרויסגענומען ריינע צוויי־טויזענד דאָלאַר. מיר וואָלטען וועלען וויסען דעם נומער פון ברענטש, וועלכער קלייבט זיך איבערצושלאָגען אָט דעם רעקאָרד...

* * *

אַ שעהנעם ביישפּיעל ווי אַזוי צו פייערען אַ יום־טוב האָבען אויך געוויזען די סלאָנימער־דרושיאַנאַיער בר. 52. פייערענדיג זיין 15־יעהריגען יובילעאום מיט אַ שעהנעם קאָנצערט, אין וועלכען עס האָבען זיך באַטייליגט אויסער אַנדערע קרעפטען אויך דער מאַנדאָלין אָרקעסטער פון בר. 615, אַ גרופּע פון אַ.ר. כאָר און די פרייע אידישע ביהנע, האָט ער אַוועקגעגעבען דעם גאַנצען איינקונפט צום פאָנד פון די מלחמה־קרבנות.

* * *

רעדענדיג וועגען יובילעאומס, קענען מיר זיך ניט צוריקהאַלטען פון דערמאָנען אויך בר. 264 אין שיקאַגאָ, וואָס האָט לעצטען מאָנאַט געפייערט זיין צעהן־יעהריגען יובילעאום. בר. 264 איז איינער פון די לעבעדיגסטע, אַקטיווסטע און אַגרעסיווסטע ברענטשעס אין שיקאַגאָ, וואָס צייכענט זיך ספּעציעל אויס אויפ'ן געביעט פון זעלבסט־בילדונג און סאָציאַליסטישע טעטיגקייט. דער ברענטש האָט אַרויסגעגעבען אַ ספּעציעלען זאַמעל־בוך צוליעב דעם יום־טוב אין פאַרבינדונג מיט דעם מעמבערשיפּ־קאַמפּיין.

* * *

מערקווירדיג, ווי איניגע פון אונזערע ברענטשעס גיט זיך איין אויפצועפענען נייע האָריזאָנטען פאַר אונזער אַ. ר. טעטיגקייט. אָט איז בר. 64 יעצט אַרויס מיט אַן אייגענאַרטיגע אונטערנעמונג צו קויפען אַן אייגענע פאַרם און צו געבען דאָרט לייכטע און געזונטע באַשעפטיגונג די קאָנסאָמפּטיוו־אויסגעהיילטע, ווען זיי געהען אַרויס געזונט פון סאַניטאַריום. דאָס איז איינע פון די וויכטיגסטע פּראָבלעמען פאַר אונזערע אַנגעגריפענע פריינד, וואָס האָבען זיך שוין פּאַראָוועט אין סאַניטאַריום און מוזען דערנאָך צוריק אַריינגעהן אין די פאַרשטיקטע שעפּער און פעקטאָריס, וואו די קראַנקהייט קען זיי ווידער אַריינכאַפּען אין איהרע נעגעל. דער געזינדסטער און אידעאַלסטער אָרט צו אַרבייטען פאַר די פריינד איז נאָר אויף אַ קאָאָפּעראַטיווער פאַרם, וואָס באַלאַנגט צום אַ. ר.

* * *

די גענעראַל עקזעקוטיוו קאָמיטע האָט אַוועקגעשיקט טעלעגראַפיש אַן ענערגישען פּראָטעסט קיין וואַשינגטאָן געגען דעם נייעם אימיגראַנטען־געזעץ, וואָס דער סענאַט האָט אין איילעניש אָנגענומען, פּלאַטערענדיג פאַר באָלשעוויסטישע פּראָפּאַגאַנדאַ, וואָס קען אַריינדרינגען אין לאַנד צוזאַמען מיט דעם אימיגראַנטען־שטראָם. צוליעב דערזעלביגער אורזאַכע אַרבייט עס יעצט אַזוי אייפריג דער לייבאָר־דעפּאַרטמענט, מיט דער שטילער איינשטימונג פון די איבעריגע דעפּאַרטמענטס אויסצורייניגען דאָס לאַנד פון אַלע רעוואָלוציאָנערע אַרבייטער־אַגיטאַטאָרישע עלעמענטען, וואָס האָבען געוואַגט געבאָרען צו ווערען אונטער אַן אַנדער הימעל. דער פאַרזוך צו דעפּאָרטירען די 54 אַרבייטער־אַגיטאַטאָרען פון די „איי־דאַבעליו־דאַבעליו“, צי ער וועט זיך איינגעבען, צי נישט, איז איינער פון די טונקעלסטע פלעקען וואָס אַ „לייבאָר דעפּאַרטמענט“ האָט ווען עס איז געהאַט אויף זיין געוויסען. איבריגענס איז דער אימיגראַנטען־געזעץ אויך אַ שטיקעל קרוב צום לייבאָר דעפּאַרטמענט.

אונזערע ברענטשעס איבער'ן גאַנצען לאַנד ווילען געוויס פאַרשטעהן די באַדייטונג און סכנה, וואָס עס שטעהט פאַר די אַלטע, שעהנע אַמעריקאַנער טראַדיציעס, און וועלען מיט זייער הונדערטער פּראָטעסט טעלעגראַמען קיין וואַשינגטאָן געבען צו פאַרשטעהן די הערען פון לייבאָר־דעפּאַרטמענט, אַז מיר שליידערען צוריק מיט ענטריסטונג אַזעלכע נישט געבעטענע טובות, וואָס וואָלטען געדאַרפט גיכער קומען פון דעם דעפּאַרטמענט אָף קאָמערץ.

* * *

די פילאַדעלפיער דיסטריקט קאָמיטע האָט זיך ווירקליך גענומען פאַר דער אַרבייט. אויסער דעם ברענטש, וואָס איז לעצטענס אינסטאָלירט געוואָרען, מאַכט זי יעצט פאָרבערייטונגען צו אָרגאַניזירען אַ צווייטען נייעם ברענטש, וועלכער וועט זיין ברענטש 605.

ווי עס זעהט אויס, וויל פילאַדעלפיאַ ניט זיין הינטערשטעליג אין דער אַרבייט פון די אַנדערע סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס פון אַרבייטער רינג.

* * *

אין סטובענוויל, אָהייאָ, איז לעצטענס געגרינדעט געוואָרען אַ נייער ברענטש פון אַרבייטער רינג.

# די פעהלערען פון אונזער פאַרוואַלטונג

פון מ. י. אשפיז

דער לעצטער צוזאַמענפאָהר פון די נאַציאָנאַלע דירעקטאָרען האָט באַשלאָסען צו רעקאָמענדירען צו דער נעקסטער קאָנווענשאָן וויכטיגע ענדערונגען אין דער פאַרוואַלטונגס־פאָרם. פון ערפאַהרונג ווייסען מיר שוין, אַז די געהעזענע „יונגע", די הייסע חסידים פון דער זאָגענאַנטער ניו דזשוירזי פאָרם, מיינען, אַז זייער וואָרט איז דער לעצטער, וואָס האָט געקאָנט געזאָגט ווערען בנוגע דער פאַרוואַלטונג. זיי קוקען מיט חשד אויף יעדען נייעם פלאַן, דענקענדיג אַז דאָס איז איבריג און שעדליך. דערפאַר זייענדיג פאַראינטערעסירט, אַז די פאָרשלעגע פון דער נ. ב. א. ד. זאָלען געאורטיילט ווערען ניט מיט די ברילען פון פאַרטיגע פאָראורטיילע, געפין איך פאַר נויטיג צו זאָגען אַ פּאָר ווערטער איבער די אורזאַכען, וואָס האָבען די נ. ב. א. ד. געבראַכט אַזעלכע פאָרשלעגע צו מאַכען.

וויל מען זיך אָפּגעבען אַ סך־הכל איבער די פאַרשיעדענע פאַרוואַלטונגס־פאָרמען, וואָס דער א. ר. האָט אין זיין יונגער קאַריערע אַדורכגעביטען, די דיפערענצירונג אין די פונקציאָנען פון די קאָמיטעען א. ז. וו., מוז מען קומען צום שלום, אַז דער אַ. ר. האָט קיין זאַך אַזוי אָפּט ניט געביטען ווי זיינע פאַרוואַלטונגס־פאָרמען און פונקציאָנען. עס געהט ניט אַוועק קיין יאָהר ווי דאָ אָדער דאָרט זאָל ניט געמאַכט ווערען ענדערונגען, וועלכע בייטען דעם גאַנצען כאַראַקטער פון די קאָמיטעען אָדער פון דער פאַרוואַלטונג אַלס גאַנצע. אַזאַ צושטאַנד איז אַ סימן דלות. עס ווייזט, אַז אונזער פאַרוואַלטונג איז, ווי יענער קראַנקער, וואָס אויף וועלכען זייט מען לעגט איהם טוט איהם אַלץ וועה. עס וועט זיין גענוג ווען מיר באַטראַכטען די פאַרוואַלטונגען, וואָס דער אַרבייטער רינג געהאַט די לעצטע 5 יאָהר, אַז אונזער מיינונג זאָל באַשטעטיגט ווערען.

אין דעם יאָהר 1914 איז דער אַ. ר. פאַרוואַלטעט געוואָרען פון די פאָלגענדע קאָמיטעען: עקזעקוטיוו, קאָנטראָל, סאַניטאַריום, עדיוקיישאָנאַל, פרעס און לאָא און קאָנסטיטושאָן. צוזאַמען 6 קאָמיטעען (אויסער דער נ. ב. א. ד.). דער צוזאַמענהאַנג צווישען די קאָמיטעען איז געווען פאַרשיעדען. די „סטענדינג" קאָמיטעען זיינען יענעם יאָהר געווען אין גאַנצען אונאָפּהענגיג; די עק. און די קאָנטראָל קאָמיטעען זיינען יאָ געווען פאַרבונדען, אָבער די פאַרבינדונג — די זאָגענאַנטע וועטאָ־רעכט, אין געווען כדי די לאָא און קאָנסטיטושאָן קאָמיטע זאָל קענען די זאַך פסק'ענען.

די פאַרוואַלטונגס־פאָרם איז געווען ווייט פון צו זיין אַן אידעאַלע. זי האָט געשטאַמט פון דער צייט, ווען דער אַרב. רינג איז געווען יונג, אַביסעלע אונערפאהרען און דערצו האָט מען ניט געהאַט גענוג צוטרוי. דערפאַר זעהען מיר די טענדענץ פון יענער צייט, ניט צו געבען חלילה צופיעל מאַכט צו איין קאָמיטע: איז דאָ אַן עקז. דאַרף זיין אַ קאָנטראָל קאָמיטע צו וועטאָאירען געלד־אויסגאַבען פון דער עקז; עטאַבלירט מען אַ סאַניטאַריום טאָר מען עס ניט איבערגעבען דער עקז, נאָר מען ערוועהלט אַ ספּעציעלע קאָם. דאַרויף. דאָס גלייכען מיט די עדיוקיישאָן און דעם „פריינד". עס האָט זיך געפיהלט אַז דאָ נויטיגט זיך די האַנד פון אַ געניטען בעל־מלאכה, וועלכער דאַרף די פאַרוואַלטונגס־פאָרם אַביסעלע פאַרריכטען און איהר מאַכען „אַפּ־טו־דייט".

אָבער אַנשטאַט עס צו אויסבעסערען און צו באַזייטיגען ביסלאַכווייז די פעהלערען און אָפּשאַפען די איבלען, האָט מען, צוליעב געוויסע פּאָליטישע גרינדע פון יענער צייט, פון איין עקסטערם גלייך אַ שפּרונג געגעבען צום צווייטען; אויב אַן עקז. מיט אַ קאָנטראָל קאָמיטע מיט פיער אונאָפּהענגיגע „סטענדינג" קאָמיטעס האָבען ניט געטויגט, האָט מען געמאַכט פון אַלע קאָמיטעס איין גרויסע עקז. קאָמיטע פון 30 מענשען, באַשטעהענד פון 6 אָפּטיילונגען אָדער דעפּאַרטמענטס.

אַז די זאָגענאַנטע „דזשוירזי" פאָרם פון פאַרוואַלטונג איז געווען אַ דורכפאַל איז איבריג צו זאָגען, ווייל דאָס ווייסען איצט אַלע. איהר אָריגינעלע פאָרמע איז געווען אַזאַ, וואָס האָט געמאַכט אונמעגליך ערפאָלגרייך צו אַרבייטען. עס איז גענוג צו דערמאָנען דעם פאַקט, וואָס לויט יענער פאָרם האָבען 8 מענשען געהאַט מעהר מאַכט ווי די איבריגע 22, און די עקז. אַלס אַ גאַנצע האָט ניט געקענט אָפּהאַלטען די 8 פון צו טאָן וואָס זיי ווילען. גיט מען נאָך צו דעם פאַקט, אַז דאָס אָננעהמען פון דיזער פאָרם איז געווען צו לתכעיס — ווי די דאַמאָלסטיגע „אַלטע" האָבען באַהויפּטעט — אָדער אוים פּראָטעסט — ווי די דאַמאָלסטיגע „יונגע" האָבען פאַרזיכערט, — ווערט דאַן פאַר אַלעמען קלאָר, אַז די ניו דזשוירזי פאָרם האָט אַנדערש ווי אַ דורכפאַל ניט געקענט זיין.

עס זיינען דורך דער צייט שוין געמאַכט געוואָרען אייניגע אויסבעסערונגען אין דער „ניו דזשוירזי פאָרם". אַנשטאַט זעלבסטשטענדיגע קאָמיטעס, ווערט איצט שוין ערוועהלט איין גאַנצע עקז. פון 30 מענשען, און זיי צוטיילען זיך דערנאָך אין 6 קאָמיטעס. די עקז. [...]ען שוין ביי איהר מאַנאַטליכען מיטינג צוריקווייזען באַשליסע פון דעפּאַרטמענט קאָמיטעס מיט אַ געוועהנליכער מינאָריטעט, ניט מיט דריי פערטעל, ווי די אָריגינעלע פונקטען האָבען געלויטעט. איז אָבער די פאָרם יעצט אַ סוקסעס? דער ענטפער דאַרויף איז — ניין!

מיר ווילען דאָ קלאָר מאַכען, אַז מיר ריידען דאָ ניט וועגען דעם פּרינציפּ פון צוזאַמענגעהמען די הויפּט־אַרבייט פון די פאַרוואַלטער אונטער איין עקז. קאָמ., וועלכע זאָל זיך דערנאָך צוטיילען אין דעפּאַרטמענט קאָמיטעס. קאָפּוויר: מיר זיינען גראָדע אַנהענגער פון צענטראַליזאַציאָן און האַלטען אַז געגען דער אַלטער פאָרם פון באַזונדערע פאַר־זיך קאָמיטעס, איז די דזשוירזי פאָרם אַ שריט פאָרווערטס. דער חסרון איז נאָר, וואָס שוין אפילו מיט די לעצטע אַמענדמענטס, בלייבט נאָך אַלץ די אַרבייט אַזוי איינגעטיילט, אַז עס מוזען אַרבייטען צוזאַמען אין דער עקז. 6 קאָמיטעס מיט 30 מענשען.

נאָך ביים צווייטען צוזאַמענפאָהר פון דער נ. ב. א. ד. האָבען מעמבערס פון דער עקז. זיך פאַר אונז באַקלאָגט אויף דער יעצטיגער פאַרוואַלטונגס־פאָרם. ביים לעצטען צוזאַמענפאָהר האָבען מיר אָפּיציעל אָנגעפרעגט דעם טשערמאַן פון אַ. ר., פר. א. עפּשטיין, און דעם טשערמאַן פון דער עדיוקיישאַנאַל קאָמ., פר. צביון. ביידע זיינען איינינג, אַז אַן עקז. פון 30 איז זעהר אונגעשיקט (קלאָמזי) און פאָלגליך מעהר אַ כנגדו ווי אַן עוזר.

מיר וואָלטען אַ חוץ זייערע מיינונגען נאָך געקענט אָנגעבען גענוג אייגענע פאַקטען און באַווייזע, אַז די עקז. פון 30 איז אַ דורכפאַל. מיר זיינען איבערצייגט, אַז עס איז ניט נויטיג, ווייל מיט וועמען מען רעדט גיט ער צו, אַז 30 מענשען אין אַן עקז. איז צופיעל.

דאָס איז אויך געווען דער שטאַנדפּונקט פון דער נ. ב. א. ד. זיי דענקען, אַז אַן עקז. פון 15 מענשען איז מעהר ווי גענוג. אָבער ווי מאַכט מען אַז פון אַן עקז. פון 30 מענשען זאָל ווערען 15?

ווען מיר האָבען אָנגעפאַנגען באַטראַכטען די פראַגע האָבען מיר איינגעזעהן, אַז אַן עקז. פון 15 איז גאָר ניט אַזוי שווער צו האָבען, ווען מען זאָל נור אָפּשאַפען די קאָמיטעס, וועלכע זיינען אין גאַנצען ניט נויטיג, און אָפּטיילען פון דער עקז. די אַנדערע קאָמיטעס, וועלכע האָבען אין עצם מיט דער הויפּט אַרבייט פון דער עקז. קיין שייכות.

מיר האָבען איינגעזעהן, אַז די בענעפיט קאָמיטע איז איבריג. די אַרבייט ווערט געטאָן אין אָפיס פון אַ קלוירק. צום מיטינג ברענגט מען נור באַריכטען פון אויסגעצאָהלטע געלדער, און דאָס קען טאָן די אָפיס קאָמיטע, וועלכע צאָהלט סיי ווי אויס אַלע געלדער און אינגדירעקט האַנדעלט זי איבער די באַריכטען זאָגאַר יעצט.

אַז די בענעפיט קאָם. דאַרף ווערען אָפּגעשאַפט, איז שוין גערעדט געוואָרען ביים לעצטען קאָנווענשאָן, אָבער די צייט איז געווען קורץ און אין איילעניש האָט מען עס פאַרוואָרפען. עס איז אָבער גיט קיין שכל צו האַלטען אַ קאָמיטע מיט 5 מענשען אָהן אַרבייט נור כדי די גאַנצע עקז. זאָל, אַנשטאַט פון 25, זיין פון 30... אין דער צייט וועהרענד וואָס יעדערער גיט צו, אַז 30 מענשען אין דער עקז. איז צופיעל.

שאַפען מיר אָפּ די בענעפיט קאָמיטע און מיר גיבען איהר אַרבייט איבער צו דער אָפיס קאָמ., בלייבען נאָך אַלץ 5 קאָמיטעס און אַן עקז. פון 25, דאָס הייסט 10 מענשען צופיעל. מיר האָבען דאַן זיך געפרעגט, צי איז טאַקע נויטיג, אַז אַלע 5 קאָמיטעס זאָלען זיין אַ טייל פון דער עקז.? אפשר איז אַ סברא, אַז מען זאָל 2 קאָמיטעס אָפּטיילען פון דער עקז. און זיי פאַרוואַנדלען אין „סטענדינג קאָמיטעס" צו אַרבייטען באַזונדער? אויב אַן עקז. מיט אַ קאָנטראָל קאָם. מיט 4 סטענדינג קאָם. האָבען אַמאָל ניט געטויגט, איז דאָס דען אַ באַווייז, אַז אַן עקז. אָהן אַ קאָנטראָל קאָמיטע מיט נאָר 2 סטענדינג קאָמיטעס וועלען אויך ניט טויגען?

אונזער ענטפער איז געווען פאָלגענדער: עס איז ניט נויטיג, אַז אַלע קאָמיטעס זאָלען זיין אַ טייל פון דער עקז.; ווען מיר זאָלען אַרויסנעמען פון דער עקז. די גריוועגס קאָם. און די עדיוקיישאַנאַל קאָם., וועלכע זאָלען פאַרוואַנדעלט ווערען אין באַזונדערע סטענדינג קאָמיטעס, וואָלט דאַן די גאַנצע פאַרפּלאָנטערטע פאַרוואַלטונגס־פראַגע געוואָרען געלעזט.

אין דער עקז. דאַרפען נאָך אונזער מיינונג זיין די פאָלגענדע 3 דעפּאַרטמענטס: די אָפיס קאָמ. (וועלכע נעהמט איבער אויך די פונקציאָנען פון דער בענעפיט קאָמ.), פאַרוואַלטעט דעם גענ. אָפיס. דיזער דעפּאַרטמענט איז די האַרץ, דורך וועלכער עס צירקולירט די גאַנצע טעטיגקייט און אַקטיוויטעט פון אונזערע קאָמיטעס, בראַנטשעס און מעמבערס; די צווייטע קאָמ. איז די אָרג. קאָמ., וועלכע האָט צו טאָן מיט די באַציהונגען פון דעם איינצעלנעם מעמבער אָדער בראַנטש צום אַרב. רינג אַלס גאַנצען; זי איז די קאָמ., וועלכע דאַרף אַריינפּלאַנצען ליעבע און איבערגעבענהייט צום אַ. ר. ביי די וועלכע זיינען שוין מעמבערס, און פאַראינטערעסירען אין אַ. ר. די יעניגע, וועלכע מיר ווינשען, אַז זיי זאָלען ביי אונז ווערען

מעמבערס; זי איז די קאָמ., וועלכע איז פאַראַנטוואָרטליך פאַר׳ן שיקזאַל און פאַר דעם צוקינפטיגען וואוקס פונ׳ם אַ. ר. די דריטע קאָם. איז די סאַניטאַריום קאָמ., וועלכע פאַרוואַלטעט די אינסטיטושאַן, וואָס איז אונזער גרעסטער שטאָלץ און פּרעסטיזש און וועלכער איז דער בעסטער אַרגומענט, אַז יעדער פּראָלעטאַריער זאָל זיך אַנשליסען אַן אַ. ר. דיעזע 3 קאָמיטעס, וואָס באַשטעהען פון 15 מענשען, דאַרפען צוזאַמענשטעלען די נאַצ. עקז. קאָמ., וועלכע וועט אויף דיעזען אופן כולל זיין די אַרבייט פון די וויכטיגסטע קאָמיטעס.

די גריוועַנס קאָמ. און די עדיוקיישאָנאַל קאָמ. זיינען פאַר׳ן אַ. ר. אַ נויטיגער און אַ זעהר נויטיגער אָרנאַמענט. זייער אַרבייט איז אָבער ניט פאַרבונדען מיט דער הויפּט טעטיגקייט פון די אַנדערע קאָמיטעס, און דאָס אָפּטיילען זיי אַלס „סטענדינג“ קאָמיטעס וואָלט געווען אַ גרויסער געווינס פאַר אַלעמען.

מיר קענען ניט איינזעהן צו וואָס עס איז נויטיג, אַז די גריוועַנס קאָמ. זאָל זיין אַ טייל פון דער עקז? מילא אָריגינעל, ווען זי האָט אויך געהאַט די אויפזיכט אויף די ברענטש אודיטינג, איז נאָך יאָ געווען אַ שכל, אַז די קאָמ. האָט געדאַרפט זיין אַ טייל פון דער עקז., איצט אָבער, ווען עס האָט זיך זיי אָפּגעשטעלט בלויז דיזן תורות, קען מען דאָך דערפאַר מאַכען אַ יוסטיץ דעפּאַרטמענט, וואָס זאָל באַשטעהן פון אַ סטענדינג קאָמיטע פון 5 אָדער פון 7 און זאָלען מיט דער אַלגעמיינער אַרבייט פון דער עקז. אַלס גאַנצע ניט האָבען קיין שייכות! קאַפּויר: עס וואָלט נאָך פיעל בעסער געווען. אַזוי זאָגט מען, אַז די גריוועַנס קאָמ. אַלס אַ טייל פון דער עקז. איז מעהר גענויגט צו האַלטען מיט די דעפּאַרטמענט קאָמיטעס, ווען זי וועט אָבער זיין אַ באַזונדערע קאָמיטע, וועט די טענה אָוועקפאַלען.

מיר גלויבען, אַז אויך די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע דאַרף ניט זיין פאַרבונדען מיט דער עקז. און דאַרף זיין אַ „סטענדינג“ קאָמיטע. די אַרבייט פון עדיוקיישאָן איז אַזאַ, אַז אין דער קאָמיטע נויטיגען זיך פּראָפעסיאָנעלע אינטעליגענטען, ווי צביון, בורגין, ש. עפּשטיין א. ז. וו. די עקז. אַלס אַזעלכע איז ניט גענוג באַהאַווענט אין עדיוקיישאָן פראַגען און הייסט סיי ווי גוט, אין 99 פעלע פון הונדערט, דאָס, וואָס די קאָמיטע רעקאָמענדירט. דער ערפאָלג פון דער אַרבייט איז אויך ניט געווענדעט אָן דער עקז. אויב היי־יאָהר איז דער „פריינד“ בעסער און די ביכער פאַרקויפען זיך, איז דאָס ניט ווייל די עקז. איז אַ בעסערע (זיי זיינען כמעט אַלע די זעלבע פאַר די לעצטע 8 יאָהר), נאָר ווייל מען האָט פאַראייניגט דעם עדיוקיישאָנאַל דעפּ. מיט׳ן „פריינד“ און ווייל דער סעק. און רעדאַקטאָר, פּר. ביילין, פאַראייניגט אין זיך אינטעליגענץ און די פּראַקטישקייט פון אַ ביזנעסמאַן (קרעדיט דאַרף געגעבען ווערען דעם וואָס קומט. — מ. י. א.). די קאָם וואָלט היי־יאָהר געמאַכט דעם זעלבען ערפאָלג, אפילו ווען זי איז מיט דער עקז., ניט פאַרבונדען אַלס טייל. פון דער אַנדערער זייט זיינען די מעמבערס פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמ. ניט איבריגס פאַראינטערעסירט אין די אַלגעמיינע רוטינע אַרבייט פון דער נאַצ. עקז. און באַטראַכטען דאָס זיצען אַ גאַנצען טאָג ביי די מאָנאַטליכע מיטינגען פון דער גאַנצער עקז. פאַר אַן אָפּקומעניש. אין דער פּאַקט, וואָס לויט דער יעצטיגער פאָרם דאַרף די עקז. זייער יעדען באַשלוס גוטהייסען, איז פאַר דער עדיוק. קאָמ. גאַר אַ שטערונג אין דער אַרבייט — ווי פּר. צביון האָט זיך אויסגעדריקט, אַז „ביז די עקז. הייסט גוט הילפע צו אַ געוויסער שולע, קען דערווייל דורך דעם מאָנאַט די שולע אונטערגעהן...“ וויעדער געבען דער עדיוקיישאָנאַל קאָמ. פולע אויטאָנאָמיע און איהר לאָזען אַלס טייל פון דער עקז. איז ניט מעגליך, ווייל מיר קענען איין דעפּאַרטמענט קאָמ. ניט געבען מעהר פריויהייט ווי צו אַנדערע; און אַלעמען געבען אויטאָנאָמיע וועט אודאי ניט טויגען, — וואו וועט דאַן אַהינקומען די עקז. אַלס גאַנצע? אונזער מיינונג איז דעריבער, אַז עס וואָלט געווען פיעל געזינטער, ווען די עדיוקיישאָנאַל קאָמ. זאָל פונקציאָנירען אַלס „סטענדינג“ קאָמיטע און זאָלען זיין אונטערוואָרפען דער וועטאָ פון דער עקז., נאָר אין באַצוג נייע איינריכטונגען, וועלכע עס וועט ניט שאַדען, אין פאַל פון אַ ספק, ווען זיי וועלען איינגעפיהרט ווערען אַ פּאָר מאָנאַטען שפּעטער.

עס זיינען ביי אונז פאַראַן מענשען, און טאַקע אין די גאַר הויכע פענסטער, וואָס האָבען מורא פאַר׳ן געדאַנק פון אָפּטיילען דעם עדיוקיישאָנאַל דעפּאַרטמענט אַלס „סטענדינג קאָמיטע. זיי ציטערען, אַז דאָס קען נאָך חלילה פיהרען ריקווערטס און ברענגען, אַז מען זאָל איהם אין גאַנצען אָפּשאַפען. צו דיעזע ווילען מיר זאָגען, אַז אויב די מורא האָט געהאַט אַ גרונד אַמאָליגע יאָהרען, איז אָבער קיין שום גרונד פאַר מורא ניטאָ איצט. דער געדאַנק פון עדיוקיישאָן שפּריזט פאָרווערטס מיט ריעזען־שריט! אַמאָל האָט נור דער אַ. ר. אַליין אויסגעגעבען געלד אויף עדיוקיישאָן; היינט ספּענדען שוין די „אינטערנעשאָנאַלס„ (די יוניאָנס) אויך גרויסע סומען דערפאַר און די עדיוקיישאָנאַל אַרבייט געהט אין דער ריכטונג פון פאַראייניגונג און געמיינשאַפטליכקייט. צו ציטערען איצט טאַמער וועט מען דעם עדיוקיישאָנאַל דעפּ. אין אַ. ר. אין גאַנצען אָפּשאַפען, דאַרף מען טאַקע אין אמת׳ן זיין אַ ריפּ־וואַן־ווינקעל...

אין קורצען: ניט אין דעם פּאַקט, וואָס 30 מענשען זיינען טעטיג אין דער פאַרוואַלטונג, ליגט די צרה פון אונזער אונגעשיקטער פאַרוואַלטונג. עס איז נור דער פּאַקט, וואָס די 30 מענשען זיינען צוזאַמען איין עקז. קאָמ. ווען די זעלביגע 30 מענשען זאָלען צוטיילט ווערען, 15 זאָלען בלייבען אַלס עקז. און די איבריגע זאָלען אַרבייטען אין „סטענדינג“ קאָמיטעס, וועלכע זאָלען האָבען נור זייער ספּעציעלע אַרבייט און מיט דער עקז. זיך ניט צונויפמישען, וואָלט אונזער פאַרוואַלטונג געקענט זיין אַן ערפאָלגרייכע.

צולעצט אַ פּאָר ווערטער: אויב עס געפינען זיך נאָך איצט מענשען, וועלכע האָבען מורא פאַר ענדערונגען און וועמעס איינציגע אויפגאַבע איז צו שטעהן אויף דער וואַך און היטען די „ניו דזשוירזי פאָרם“ און צו קומען מיט פאַרטיגע פאָראורטיילע געגען יעדער נייעס, אָדער ענדערונג, וועט דאַן זיין זעהר טרויעריג. מען וועט זיך מוזען האַלטען מיט אַ פאָרם, וועלכע קיינער האַלט ניט פאַר קיין גוטע. אָבער מיר דענקען, אַז די צייט האָט אָפּגעווישט אַלע אַלטע פאָראורטיילע און אַז יעצט איז די צייט איינצושטעלען אין אַרב. רינג אַן אַרבייטס־פעהיגע פאַרוואַלטונג, ווייל מען קען עס ניט אָפּלעגען אויף שפּעטער. די מלחמה איז צו ענדע, אַ גרויסע אימיגראַציע איז צו ערוואַרטען, און דער אַ. ר. דאַרף באַגעגענען די צוקונפט, פאָרבערייטעט און ווי געהעריג באַוואָפענט, אַז ער זאָל קענען ריכטיג אויסנוצען די גינסטיגע געלעגענהייטען צו פאַרשטאַרקערען זיינע רייהען און כסדר צו געהן פאָרווערטס.

מיר בעטען די לעזער איבערצולעזען די רעקאָמענדיישאַנס פון דער נ. ב. א. ד. וועגען די ענדערונגען אין דער פאָרם פון פאַרוואַלטונג און זייער באַריכט אין „פריינד“ פון פעב. 1919, זייטע 47 — מ. י. א.

י. ל. קאַלושינער:

# אין תפיסה דורכ׳ן פענסטער

פאַרבט דער וויטער הימעל אוים זיך אין אַ קופּערנעם קאָליר,
און עס צאַפּעלט זיך דער טאָג אַוועק,
הויבט אַזוי אַן קלאַפּען שטילערהייט מיין שווערע האַרץ אין מיר,
ון אַן אומבאַוואוסטע בייזע שרעק,
וואָס גנב׳עט זיך אין מיינע קאַלטע ביינער טיעף אַריין,
וי אַ מויז קריכט דורך אַ שפּאַלט אין דיל,
שפּרייט זיך נאָגענדיג מיר אויס, אין ברוסט מיט שווערען פּיין,
און בענעצט מיט אַנגסט מיין פּנים שטיל...

שפּרייז איך אום ווי אַ נע־ונד־געשפּענסט פון שרעק נור הין און הער,
אין מיין פייכטער טונקעלער קאַמער.
פון מיין שאָטען אויף דער וואַנט פאַלט פון אויג אַראָפּ אַ טרער,
וואָס הילכט אָפּ ווי אַן אייזען־האַמער...
כ׳קוק מיט טרערענדיגע אויגען אויף דעם מערב׳דיגען ברעג,
ווי ער פאַרבט זיך שאָטענדיג געדיכט,
שפּרייט נור ביי מיין פענסטער אוים אַ שוואַרצען ציטערדיגען פלעק,
און דערטרינקט אין חושך מיין געזיכט...

און עס וועט זיין און עס מוז זיין פינף און זיבעציג טויזענד!

# די פרוי און די וואַהלען אין דייטשלאַנד און אין ענגלאַנד

פון ד ר. א ס ת ר ל ו ר י ע

פיער און דרייסיג פרויען זיינען ערוועהלט צו דער דייטשער קאָנסטיטוציאָנעלער פאַרזאַמלונג. איין פרוי איז ערוועהלט צום ענגלישען פאַרלאַמענט. דיעזער רעזולטאַט באַווייזט קלאָר, וואָס אַ רעוואָלוציאָן איז אימשטאַנד אויפצוטאָן. אמת, סיי אין דייטשלאַנד, סיי אין ענגלאַנד האָבען די פרויען דעם ערשטען מאָל גענומען אַן אנטייל אין די וואַהלען. דער אונטערשיעד פון דער פרויען־באַוועגונג אין ביידע לענדער איז אָבער קאָלאָסאַל. אין ענגלאַנד עקזיסטירט אַ סאָפרעדזשעט־פּאַרטיי איבער 60 יאָהר. דאָ איז די פרוי טעטיג אויף אַלע געזעלשאַפטליכע געביעטען. דאָ האָט זי ביטער געקעמפט פאַר פּאָליטישע רעכטע. צו פּאָזיטיווע רעזולטאַטען איז זי אָבער ניט געקומען ביז אַהער. ערשט די מלחמה האָט געצוואונגען די ענגלישע רעגיערונג צו געבען דער פרוי דאָס שטימרעכט, צוליעב איהרע פאַרדיענסטען צום פאָטערלאַנד. די פרוי האָט ענדליך געוואונען דאָס רעכט צו שטימען, איצט דאַרף זי אויסנוצען דאָס רעכט. מען נעהמט זיך צו דער אַרבייט. די סאָפראַדזשעטקע טרעט צו צו דיעזער אַרבייט מיט מוט און האָפנונג. זי ווייס, אַז צעהנדליגער יאָהרען האָט מען די פרוי צוגעגרייט צו דיעזען שריט. איצט מיינט זי, וועט מען זיך מיט דער פרוי ניט דאַרפען אָנמאַטערען. די סאָפראַדזשעטקע האָט אָבער געמאַכט אַ טעות. די פרוי איז געווען צוגעגרייט צו פאָדערען רעכטע, זי איז אָבער געווען „גרין“ אין דער אַרבייט אויסצונוצען די רעכטע. די פרויען־רעכטלערינס זיינען, זעלבסטפאַרשטענדליך, געבליבען אונצופריעדען מיט די וואַהלען. זיי האָבען געפונען אַ באַרוהיגונג, מיינענדיג, אַז זיי האָבען געהאַט צו ווייניג צייט אויף פּראָפּאַגאַנדא און אַגיטאַציע. זיי האָבען ערקלערט, אַז זייערע 15 קאַנדידאַטען האָבען ניט געהאַט די מעגליכקייט, צוליעב מאַנגעל אין צייט, אַרויסצוטרעטען ווי געהעריג אין זייערע דיסטריקטען. די אורזאַכע ליגט אָבער ניט אין מאַנגעל אין צייט. די פרוי איז נאָך פּאָליטיש ניט רייף, און זי איז נאָך איינפאַך אינדיפערענט צו די וואַהלען. דאָס זעלבע בילד האָבען מיר אייגענטליך אין אַמעריקא. די[...] פרוי האָט אָנגעפאַנגען דאָ אַ קאַמף פאַר פּאָליטישע רעכטע[...] נאָך פריהער ווי די ענגלישע פרוי. די אַמעריקאַנער פרוי איז[...] נאָך פאַל דער מלחמה געווען טעטיג אין אַזעלכע צווייגען פו[...] דער אינדוסטריע און געזעלשאַפטליכען לעבען, צו וועלכע ד[...] פרויען פון אַנדערע לענדער האָבען ניט געהאַט קיין צוטריט[...] די פּאָליטישע רעכטע האָבען די פרויען אין מאַנכע סטייטס פו[...] די פאַראייניגטע שטאַאַטען שוין פאַרהעלטניסמעסיג לאַנג, או[...] אויך דאָ קען נאָך די פרוי ניט טרוימען וועגען אַזאַ פאַרטרע[...] טערשאַפט, ווי זי האָט איצט אין דייטשלאַנד, וואו דיעז[...] וואונדער האָט אָהן צווייפעל באַשאַפען די דייטשע רעוואָלוציאָ[...]

34 פרויען אין דער דייטשער קאָנסטיטוציאָנעלער פאַר[...] זאַמלונג. אַנדערש ווי אַ וואונדער קען מען דאָס ניט אָנרופע[...] ווען מען איז באַקאַנט מיט דער לאַגע פון דער פרוי אין דייטש[...] לאַנד ביז אַהער. די דייטשע פרוי האָט אַ שם פאַר אַ ווירטי[...] אַלס אַ ווירטין איז זי באַזונגען און געלויבט אין דער דייטשע[...] ליטעראַטור. אַלס אַ ווירטין איז זי באַקאַנט אין אַלע איר[...] פעאישע לענדער. די בורזשואַזע פאַמיליעס פון פאַרשיעדענ[...] לענדער פלעגען שיקען זייערע טעכטער אין דייטשלאַנד [...] לערנען די „קונסט“ צו זיין אַ ווירטין. אין אַנדערע הינזיכט[...] איז די דייטשע פרוי געווען זעהר אָפגעשטאַנען אין פאַרגלי[...] מיט דער אַמעריקאַנער און ענגלישער פרוי. פאַר דער מלחמ[...] זיינען די דייטשע אוניווערסיטעטען אַזוי גוט ווי ניט געווע[...] אָפען פאַר פרויען. אַ פּראָפעסיאָנעלע פרוי איז געווען [...] זעלטענהייט אין דייטשלאַנד. בלויז אַ לעהרערין און, זעלבס[...] פאַרשטענדליך, אַן אַרבייטערין האָט געקענט זיין די פר[...] די עקאָנאָמישע אומשטענדען האָבען דערצו געצוואונגען.

---

# דיסקוטירט...

(פעליעטאָן)

פון נ פ ת ל י

ווי מען ליעבט, דערלעבט מען פאָרט עפּעס! מיר זאָגען דאָס אַנטקעגען דעם, וואָס אונז האָט זיך ביז יעצט בשום אופן ניט געוואָלט גלויבען, אַז מיר וועלען זיך ווען עס איז אויף אַן אמת'ן אַ נעם טאָן צו דעם אַזוי־גערופענעם „דזשוירזי פלאַן“ און פּרובירען פון איהם אין גאַנצען פטור צו ווערען...

און ניט געגלויבט האָבען מיר דערפאַר, ווייל מיר האָבען געזעהען, אַז פאַר די לעצטע עטליכע יאָהר האָט מען פּשוט געציטערט זיך צוצורירען צו דער סאַמע „קדשי־קדשים“ פון דעם פּלאַן.

אמת, דאַ און דאָרט האָט מען איהם אַ „בוכטשע“ געטאָן. מען האָט איהם שוין אַזוי צוקאַטעוועט און צושניטען, אַז ס'איז שוין באַלד שווער צו דערקענען פון וואַנען ער קומט, אָבער דער עצם־פּלאַן, — אַז אין דער עקזעקוטיוו רום מוז מען יעדען יאָהר אויפהענגען אַ פּיקטשור מיט ניט ווייניגער ווי דרייסיג עקזעקוטיוו מעמבערס, — איז פאָרט פאַרבליבען...

און עס זיינען געקומען אונזערע הכמים פון דער נאַציאָנאַלער באָארד און דירעקטאָרס און האָבען ביי זייער לעצטען צוזאַמענפאָהר אַ זאָג געטאָן לאמר אַזוי צו זאָגען: גענוג! וואו איז דאָס געהערט געוואָרען אַז מען זאָל גאַנצע פיער יאָהר האָבען איין פאַרוואַלטונגס־סיסטעם און מען זאָל גאָר ניט איבערבייטען? פע! ס'איז ניט שעהן, עס פּאַסט גאָר ניט פאַר אונז, מיר, וואָס זיינען געוואוינט צו בייטען אונזערע סיסטעמען און פאָרמעס יעדען מאָנטאָג און דאָנערשטאָג, זאָלען זיך פיער יאָהר בסדר האַלטען ביי איין סיסטעם, איז פּשוט ניט פּראָגרעסיוו און זיכער ניט דעמאָקראַטיש, און פּראַקטיש[...] אודאי און אודאי ניט...

און גלאַט וואו שטעהט עס געשריבען, אַז ס'מוז זיין אַזאַ גרו[...] פאַרוואַלטונג פון דרייסיג? מען קען דאָך פאַרקלענערען די צאָהל[...] און זיי שלאָגען טאַקי פאַר צו פאַרקלענערען די פאַרוואַלט[...] אַט אַזוי:

אַן עקזעקוטיוו קאָמיטע פון בלויז פופצעהן, אַ גריוועַנס קאָמי[...] פון זיעבען און אַ באַזונדערע עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, מכתמא [...] פון זיעבען. ווי קען דען זיין ווייניגער?

האָבען מיר אין איינעם בלויז ניין־און־צוואַנציג...

מילא, אַז זיי ווילען אַראָפּ'גנב'ענען איין מענשען פון ד[...] פאַרוואַלטונג אַרט עס אונז ניט, איז ווייניגער מיט איינעם. נאָר[...] זיי ווילען אונז באַ'גנב'ענען פון אַ גאַנצער קאָמיטע, דאָס, זע[...] איהר, פאַרדריסט אונז שוין יאָ.

און ווער, מיינט איהר, איז דאָס די קאָמיטע, וואָס זיי ווי[...] ביי אונז מיט געוואַלד אַוועקרויבען? די אָפּיס קאָמיטע? אָפ[...] די סאַניטאַריום קאָמיטע, אָדער גאָר די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיט[...] אַ נעכטיגער טאָג! יענע קאָמיטעס טשעפּען זיי ניט.

זיי מיינען שוין ווידער — די בענעפיט קאָמיטע.

אָרימע אומגליקליכע בענעפיט קאָמיטע, וואו עס קומט נו[...] עפּעס, מאַכט מען איהר באַלד פאַר דעם „שעיר לעזזאל“, אפילו ביי [...] נאַצ. באָארד און דירעקטאָרס איז, זי אויך גרוים אין די אויגע[...] זאָגט אַליין, איז דאָס ניט אַ סקאַנדאַל? מען דאַרף דאָך [...] זיין אַ רוצח, אַ האַלז־שניידער, צו באַהאַנדלען אַזוי גרויזאַם אַ [...] מיטע, וואָס האָט געקענט אין איין קוואַרטאַל אויסצאָהלען ג[...] הונדערט טויזענד דאָלאַר קראַנקען בענעפיט!...

אדרבה, צייגט אונז נאָך אַ קאָמיטע מיט אַזאַ גרויסער טיגקייט“?

נאָר געה טענה צו אונזערע „סנהדרין“! אַז זיי קענע[...] ניט פאַרשטעהן...

---

ארביימער קען נים אויסהאלמען זיינע קינדער, ווען זיי דער־גרייכען דאס עלמער פון 14 יאהר, און ער מוז זיי שיקען אין פאבריק. ער קען נים מאכען קיין אונטערשיעד צווישען מיידלאך און אינגלאך. אין לעהרערינס ווידער נויטיגט זיך די סקוהל, ווייל זי האט ווענינ מענער אין די פאבליק סקוהלס. די מענער זוכען בעסער באצאהלטע פראפעסיאנען. פאר נויט נעהמט מען אלזא פרויען. די רייכע פרוי ווערט נים קיין לעהרערין, פאר איהר איז דאס א שאנדע. בלויז די טאכטער פון מיטעלען קלאס נעהמט זיך צו דעם. אויך די טעכטער פון ריעזען קלאס ארבייטען אין די אפיסעס. צוליעב דעם וואס אין דייטשלאנד האט פאר דער מלחמה געפעהלט די פראפעסיאנעלע פרוי, איז דא די סאפרעדזש פארטיי געווען זעהר שוואך. פראפעסיאנעלע פרויען בילדען מייסטענס דעם קעמפענדען, אקטיווען עלעמענט אין דער סאפרעדזש פארטיי. זיי פאדערען פאליטישע רעכטע, ווייל צוליעב זייער רעכטלאזיגקייט זיינען זיי געשטערט אין זייער בארוף. די דייטשע ארבייטערין אבער האט יע געקעמפט אין איהרע פראפעסיאנעלע פאראיינען אדער אין דער סאציאליסטישער פארטיי.

די מלחמה האט אבער שטארק רעוואלוציאניזירט די דייטשע פרוי. ניט זעלטען פלעגען מיר אין די צייטונגען לעזען וועגען ראיאטס, אין וועלכע די פרויען פלעגען נעהמען א גרויסען אנטייל. מיר פלעגען הערען וועגען דעמאנסטראציעס, אין וועלכע די פרויען זיינען געווען שטארק פארטראטען. אין דער צייט פון דער רעוואלוציע זיינען די פרויען אויך געווען אקטיוו. ניט דאס אליין אבער איז די אורזאכע פון זייער זיעג. א רעוואלוציאן מיינט בוכשטעבליך — אן איבערקעהרעניש. ניט בלויז דער פאליטישער אפאראט ווערט אנדערש, אבער אויך די באגריפען, די אידעען, די וועלט־אנשויאונג ווערען איבערגעענדערט. אנדערש איז אונמעגליך צו ערקלערען דעם זיעג פון די דייטשע פרויען. די בורזשואזע פארטייען האבען געשיקט אין גרינדונגס־פארזאמלונג 19 פרויען אלס פארטרעטער, די סאציאליסטען 15. דאס האט ניט פאסירט צוליעב די פארדיענסטען פון דער פרוי אין דער צייט פון דער מלחמה. ווען דאס וואלט געווען דער פאל, וואלטען ענגלאנד, אמעריקא און אנדערע לענדער אויך געשיקט א גרויסע פארטרעטערשאפט אין די רעגיערונגס־קערפערשאפטען.

אמת, די רעוואלוציאן האט אויף א צייט איבערגעקעהרט דעם מארך פון דעם דייטשען בורזשואז, זי איז אבער ניט געווען איבשטאנד צו פארניכטען די פאראורטיילע געגען דער פרוי. אזוי שרייבט די דייטשע טאגעסצייטונג פון 12טען דעצעמבער: א גרויסע מאיאריטעט פון די פרויען איז געגען דעם שטימרעכט, בלויז איינינע טעארעטיקער אין די גרויסע שטעדט פראפאגאנדירען דאס. אבער מיר מוזען זיך איצט רעכענען מיט דער טאטזאכע, און מיר מוזען אויסנוצען די געלעגענהייט און שטימען, אויב ניט קענען מיר ווערען ארויסגעשמיסען פון די סאציאליסטישע פרויען. מיר האבען ניט קיין אנדער ברירה. ארום 21 מיליאן האבען דאס שטימרעכט, פון וועלכע בלויז 7 מיליאן זיינען סאציאל־דעמאקראטען. מיר זיינען געצוואונגען צו זיין אקטיוו.

אלזא קלארע דבורים. דיעזע ווערטער זיינען אינטערעסאנט צוליעב צוויי פונקטען. ערשטענס, באווייזען זיי, אז אין דייטשלאנד געפינען זיך, ביי היינטיגען טאג אפילו, פרויען, געגנער פון שטימרעכט פאר זייער געשלעכט. דאס האט אנדערש ניט געקענט זיין. ווען מיר האבען פרויען־געגנער אין אמעריקא און אין ענגלאנד, האבען מיר זיי אין דייטשלאנד געוויס געקענט ערווארטען. אין דער פרוי ליגט נאך מעהר דער פאראורטייל ווי אין דעם מאן, אויב זי איז נור עקאנאמיש פאראינטערעסירט אין דער פארשקלאפונג פון איהר געשלעכט. איצט קומען מיר צום צווייטען פונקט פון אויסצוג פון „טאגעסצייטונג". אין ענגלאנד און אין אמעריקא קען די פרוי זיין פאסיוו אין די וואהלען, ווייל זי געפינט זיך ניט אין געפאהר — צו זיין פארכאפט פון די סאציאליסטען, און דא איז די הויפט ערקלערונג פון דעם מיסטעריעזען זיעג אין דייטשלאנד. די דייטשע בורזשואזע פארטייען האבען געשיקט פרויען אין דער קאנסטיטוציאנעלער פארזאמלונג, כדי דארט זאלען זיך ניט געפינען בלויז סאציאליסטישע פרויען. די בורזשואזע פרויען זיינען געווען אקטיוו, מורא האבענדיג פאר די סאציאליסטישע פרויען.

עס איז שווער איצט צו זאגען נביאות און ברעכען דעם קאפ, צי די פרויען וועלען אין די שפעטערדיגע יאהרען שיקען מעהר פארטרעטערשאפט, צי ווענינער. איין זאך איז זיכער, אזוי ווי די אלטע פאליטישע ארדנונג אין דייטשלאנד וועט זיך ניט אומקעהרען, אזוי וועט זיך ניט אומקעהרען די רעכטלאזיגקייט פון דער פרוי אין דייטשלאנד.

---

האבען זיי זיך איינמאל פארלעגט אויף דער בענעפיט קאמיטע, עס שוין קיין טענות אויך ניט העלפען...

מיר וואלטען אפשר ניט אזוי באוויינט דעם גורל פון דער בענעפיט קאמיטע, ווען ביי אונז וואלט נאך יעצט געווען א שטיקעלע פק, אז עס וועט נאך ניט זיין אזוי אקוראט ווי זיי ווילען, ווארים קשיא אויף א מעשה! ס'קען זיך דאך נאך מאכען, אז מען זאל ערען אונזערע דירעקטארען, פונקט אזוי ווי מען האט מיט עטליכע אהר געהערט אונזער קאנסטיטושאנאל רעוויזיאנס קאמיטע, ווען זיי אבען פארגעשלאגען כמעט דעם זעלבען פלאן, און אלעס קען נאך ר בלייבען ביים אלטען...

האבען מיר אבער באמערקט, אז אונזער רעדאקטאר, זאל לעבען, בר'ט זיך גאנץ געשמאק מיט דער „באארד", געווארען מיט זיי א נצער „שמעלקע", קריכט צו זייערע מיטינגען און גיט זיי נאך אונער חשק פאר זייער פארגעשלאגענעם פלאן, און נאך מעהר—עדיטאריעל אפעהלט ער גאר, אז מען זאל שוין אנהויבען די פראגע צו דיסטירען, און הייסט נאך אונטעראיילען זיך אויך. ער חאט שוין ן צייט ניט.

און פאר „דיסקוטירען" האבען מיר זעהר שטארק מורא.

ווייל מיר האבען א קימא־לן, אז ווען מען האט ביי אונז עפעס געהויבען צו דיסקוטירען, האט מען אלע מאל עפעס „אויסגעסקוטירט"...

ס'איז בלויז א פראגע פון צייט. אמאל געדויערט ביי אונז אזא יסקוסיע" שעהנע עטליכע יאהר ביז זי ווערט פארוואנדעלט אין רעפערענדום, — און וואס אמת איז אמת — קיין שרעקעדיגע נשען זיינען מיר זיכער ניט, קיין מוט פארלירען מיר אויך ניט. מאכט זיך א רעפערענדום פאלט דורך, איז מה רעש? שיקען מיר צווייטען, א דריטען, און, אז מען דארף, א פיערטען אויך! וואס ז דא פאראן וואס צו פארלירען?

און ווען ניט די מורא פאר דעםווארט „דיסקוטירען", וואלטען מיר אליין אויך א בעלן געווען צו פארפיהרען א שטיקעלע דיסקוסיע מיט אונזערע דירעקטארען. מיר וואלטען זיי, צום ביישפיעל, געקענט א פרעג טאן: אדרבה, אויב איהר זייט טאקי יא אזעלכע „חכמים ונבונים", טא זייט אזוי גוט און זאגט אונז, וואו ליגט דאס דער שכל, דער געדאנק, די לאגיק, אז די עדיוקיישאנאל קאמיטע מוז דוקא זיין א באזונדערע, מיט באזונדערע פונקציאנען, טראדיציאנען און מיסיאנען? מילא, אז איהר ווילט די גריוועגס קאמיטע אפטיילען פון דער עקזעקוטיוו קאמיטע, דאס פארשטעהען מיר, ס'איז א קאמיטע, וואס האט צו טאן מיט פסק'ענען דינים, קען זי ניט זיין צוזאמען מיט די עקזעקוטיוו קאמיטע, ווייל אמאל מאכט זיך, אז מען דארף די עקזעקוטיוו אליין אויך ערגיץ פארקלאגען... און אז ס'וועט זיין א באזונדערע גריוועגס קאמיטע, וועט שוין ב"ה ניט אויספעהלען קיין קלאגען אויף דער עקז. קאמ. אבער וואס האט איהר צו דער עדיוקיישאנאל קאמיטע? פאר וואס ווילט איהר זיי אפטיילען פון דער עקז. קאמ.? ווען איהר וואלט כאטש געזאגט, אז דאס איז דערפאר, ווייל אין דער עדיוקיישאנאל קאמיטע דארפען זיין בלויז געבילדעטע מענשען און אין דער עקזעקוטיוו קאמיטע קען זיין „עני טאם דיק און הערי", וואלטען מיר דאס אפשר אנגענומען פאר אן ארגומענט... זאגט איהר דאך אבער עס ניט! מיא פרעגען מיר טאקי: היתכן? אויב אייך לוינט זיך צו פארשפיי[illegible]צען די אפים קאמיטע צוזאמען מיט דער בענעפיט קאמיטע — אין איין קאמיטע — פאר וואס ניט משדך זיין די עדיוקיישאנאל קאמיטע מיט דער ארגאניזאציאנס קאמיטע? דאס וואלט דאך ווירקליך געווען א פאסענדער זיווג!...

מיר וואלטען זיי געקענט באווארפען מיט נאך טויזענדער און טויזענדער פראגען, נאר, ווי געזאגט, האבען מיר מורא צו דיסקוטירען, און מיר ווילען דאס מוזען לאזען פאר אנדערע.

דיסקוטירט קינדערלאך, דיסקוטירט! איהר וועט מיט דער צייט עפעס אויסדיסקוטירען!

---

**איהר קענט מאכען די ערשטע פראבע אלס א. ר. אגיטאטאר מיט אייער פרוי.**

# אַ שדוך

פון יענטע סערדאצקי

הערר לעווין איז געווען א געוועהנליכער ארבייטער. א צייט לאנג האָט ער געארבייט אין די שניידער שעפּער און א צייט לאנג האָט ער זיך געפּלאָגט. א סך גרויסע און קלענערע סטרייקס האָט ער דורכגעמאכט און קריזיסען און קראנקהייט און דריי מאָל איז דאָס ווייב געלעגען אין קינפּעט, האָט עס אויך געקאָסט א סך געלד און צרות.

נאָכדעם האָבען איהם משפּחה אויסגעליהען געלד, האָט ער געעפענט א סטאָר. די סטאָר איז גוט אוועק און ער מיט'ן ווייב מיט די דריי קינדער האָבען אויפגעלעבט.

עס זיינען זיך פארלאָפען שטילע, רוהיגע עטליכע יאָהר. די דריי קינדער זיינען אויסגעוואקסען, צוויי געהען ארבייטען און דאָס דריטע ענדיגט סקוהל און קלייבט זיך אויך געהן אר־בייטען. די חובות צו דער מישפּחה האָט מען שוין לאנג אָפּ־געצאָהלט. מען האָט זיך אויפגעפּיקסט א שעהנע היים. עטליכע הונדערט דאָלאר האָט מען אוועקגעלעגט אין דער באנק און מען האָט רוהיג געווארט ביז דער קאפּיטאל זאָל ווערען גרעסער, מען זאָל זיך קענען קויפען אַן אייגענע הויז.

פּלוצלינג איז אָנגעקומען די אינפלוענציע עפּידעמיע, א כּישוף געטאָן דער ווייב און עס אוועקגעטראָגען — „אהין“.

איז עס געווען א גרויסע טראגעדיע פאר דער הויז? ניין, ניט זעהר גרויס. די קינדער, דערוואקסענע, האָבען שוין גע־לעבט זייער אייגענעם לעבען, זייערע פארוויילונגען, זייערע ביכער, זייער שפּראך — אפילו צום עסען זיינען זיי שטארק ניט געווען צוגעוועהנט, און זיי פלעגען זיך פרעהען מיט א געלעגענהייט צו עסען אין רעסטאָראנטס. איצט האָבען זיי די געלעגענהייט געהאט... די ערשטע פּאָר וואָכען נאָר איז זיי געווען אומעטיג, נאָכדעם יונגע קינדער זיינען ניט פיעל מעהר ווי יונגע קעצלאך, מען געוועהנט זיך אָפּ.

איהם, דעם מאַן, האָט מעהר וועה געטאָן. האָט ער זי גע־ליעבט? מען קען ניט זאָגען, אז זעהר שטארק, בשעת ער פלעגט א שטיף טאָן מיט א פרעמדער מיידעל אָדער ווייבעל האָט ער געוויס מעהר הנאה געהאט... אָבער ער איז מיט איהר געווען איינגעוועהנט פון אזוי פיעל יאָהר צוזאמען־לעבען און איצט דאכט זיך איהם, אז זי איז געווען א גוטע און א שטילע. און עס פארדריסט איהם וואָס אלע צרות האָט זי איהם גע־האָלפען איבערקומען און איצט צו די רוה און נחת איז זי אוועק. און אזוי גריזשעט ער זיך און איז טרויעריג.

לאנג טרויערען אָבער איז ניט אין דעם מענשענס נאטור און אונזער לעווין האָט זיך אָנגעהויבען בארוהיגען. „עס איז דאָך ניט קיינעמס שולד“ — טראכט ער, און קוקענדיג דורכ'ן סטאָר־פענסטער אויף די פיעלע לויות, ווערט איהם אליין „פרעהליכער“ פון דעם אלגעמיינעם אומגליק.

ביסלאכווייז, זיצענדיג אין סטאָר, האָט ער אָנגעהויבען שטילערהייט אויסרעכענען זיין פארמעגען. עס ווערט איהם באמת פרעהליכער. א נישקשה'דיגער פארמעגען פאר אַן אָרי־מאַן — שוין באלד דער דריטער טויזענד פארפולט... עס הויבט איהם פון דער ארבייט, ער שטעהט אויף, געהט צו צום שפּיעגעל און טוט א קוק — און ער ווערט נאָך פרעהליכער. שוין אפילו דריי־און־פערציג, אָבער נאָך גאָר נישקשה... ער זעצט זיך צוריק צו דער ארבייט און שטילערהייט, אונטער טויזענד שלע־סער, מישט ער איבער אין זיין געדאנק, אזוי ווי מען מישט א טאש קאָרטען, א סך מיידלאך און ווייבלאך, וועלכע וואָלטען זיך צו איהם געפּאסט. פּלוצלינג כאפּט ער זיך, אז זיין גע־דאנק האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי איינער א פארהייראטער פרוי;

וואָס לעבט רוהיג מיט איהר מאַן און צוויי קינדערלאך, און ווידער אונטער טויזענד שלעסער באהאלט ער דעם פארדרוס וואָס דער מאַן לעבט...

און אזוי זיינען נאָך קיין צוויי מאָנאט ניט פאריבער און אונזער לעווין שמייכעלט און גרייט זיך צו א נייעם לעבען.

---

מיסעס מילער האָט חתונה געהאט, ווען זי איז אלט געווען שוין אריבער פינף־און־צוואנציג יאָהר. פאר דער חתונה איז זי געווען א הויכע, מאָגערע, חנ'עוודיגע מיידעל. זי האָט גע־ארבייט יאָהרען־לאנג אין א שאפּ, געווען טעטיג אין דער יוניאָן פון איהר טרייד, באלאנגט צום ארבייטער רינג, געלעזען ביכער, געגאנגען צו מיטינגען, אזוי ווי אלע אינטעליגענטע ארבייטער־מיידלאך. נאָכדעם האָט זי חתונה געהאט פאר א מאַן, וועלכען זי האָט שוין געקענט א פּאָר יאָהר. ער האָט באלאנגט מיט איהר צום זעלבען ברענטש. קיין גרויסע ליעבע איז ביי זי ניט געווען. איהם איז מיאוס געוואָרען די מיסעס'ען און איהר איז מיאוס געוואָרען דער שאפּ, האָבען זיי זיך פאראייניגט. זיי האָבען זיך געמאכט א היים, ווי די מעהרסטע ארבייטער־היימען, ניט קיין צופיעל פרייד און ניט קיין צופיעל זונען־ליכט. ער איז געווען א קרענקליכער, פלעגט ער קומען אהיים א מיעדער, אַן אָנגעבלאָזענער. קיין צו גוטער פון נאטור איז ער אויך ניט געווען. זי, א טאָלעראנטע, אַן אויסגערעכענטע צו מענשליכע מיעדקייט און שלעכטע לוינען, האָט איהם פאר־שוויגען, און אזוי האָבען זיי זיך געלעבט שטיל, אָבער אָהן פרייד.

עס זיינען אוועק פינף יאָהר נאָך זייער חתונה און עס זיינען געקומען צוויי קינדער.

א פּאָר וואָכען, איידער די עפּידעמיע האָט אויסגעבראָכען, האָט דער מיסעס מילער'ס מאַן געמוזט אויפגעבען זיין ארבייט, ווייל די פיס האָבען איהם וועה געטאָן שוין א לענגערע צייט. זיי האָבען אָנגעהויבען קלערען צו עפענען עפּעס א שטיקעל ביזנעס. קיין געלד איז ניט געווען, קיין קרובים האָבען זיי בהידע ניט, און צו וואָס זיך נעהמען האָט מען אויך ניט גע־וואוסט אקוראט. דערווייל, אזוי זיך ישוב'ענדיג, האָט א שפּאָר אריין געטאָן אין הויז די מאדאם „פלו“, א פּאַק געטאָן דעם העלד און אין פיער טעג צייט איהם אוועקגעטראָגען צוזאמען מיט איהר מורא'דיג שווערען באגאזש — „אהין“.

זי, די אלמנה, האָט א סך געוויינט. צי האָט זי געוויינט נאָך איהם? ניין, פארקעהרט, גאָר טיעף, אפשר א מיליאָן פוס טיעף, אין איהר הארץ איז גאָר פרעהליכער געוואָרען. ניט צו קיין אנדער מאנסביל האָט־באלאנגט די פרעהליכקייט; נאָר צו דעם אומבייטעניש אין לעבען. צו לאנגוויילויג און צו נודנע איז שוין געווען דאָס פריהערדיגע.

דאָס איז אין דער טיעפעניש. אויסווייניג איז אָבער געווען ניט באקוועם. מיט צוויי קליינע קינדערלאך, זי אליין א שוואכע, ווי וועט זי זיך דען אויספּלאָנטערען? און דאָ איז זי אזוי עלענד. די פּאָר באקאנטע האָבען מורא אריינצוגעהן אין זייער הויז וואו די קראנקהייט איז געווען, די טעג ציהען זיך אזוי לאנג, און זי האלט ארום זיך די קינדער און וויינט.

אזוי האָט זי פארבראכט די ערשטע פּאָר וואָכען. נאָכדעם זיינען געקומען די מיטגליעדער פון פאראיין, געוואָהר געווען און זעהן וואָס מען קען טאָן.

נאָך א סך עצות איז געבליבען, אז מען מוז איהר קויפען א קליינע ביזנעס. אזוי אָבער ווי דאָס געלד פאר זיין אינשורענס איז געווען ווייניג פאר א ביזנעס, האָט מען אויף [...]

באשלאָסען צו פּאַרקויפען טעאַטער טיקעטס צו איהר בענעפיט, כדי צו פאַרגרעסערען דעם קאַפּיטאַל.

---

איינער פון דער קאָמיטע, וואָס האָט געזאָלט פּאַרקויפען די טיקעטס, איז געווען צופעליג א שכן צו אונזער אלמן מר. לעווין. ניט לאַנג געטראַכט, אין א שעהנעם הערבסט־אָווענד, איז ער אריין צו איהם אין געשעפט און איהם אָנגעבאָטען צוויי טיקעטס.

„וואָס בין איך א בעל־שמחה, אז איך זאָל געהן אין טעאַטער?“ גלאָצט דער אלמן אוים אויף איהם א פּאָר אויגען אָן טיעף אין הארץ, אפשר א מיליאָן פוס די טיעף, טאַנצט און עס ווילט זיך א תירוץ צו קענען געהן צו א פאָרשטעלונג.

„איך וויים, איך וויים“, פאַרכאַפּט דער קאָמיטע־מאַן, „אבער עס איז נויטיג.“ און בטבע א ריידעוודיגער, צולעגט ער פאַר׳ן אלמן די גאַנצע נויטווענדיגקייט מיט אלע איינצעלהייטען פון די באַראַפּער.

„נעבאך!“ זיפצט דער אלמן. ער קויפט צוויי דאָלאַרדיגע טיקעטס. עס ווילט זיך איהם נאָך אויספרעגען דעם מאַן איינצעלהייטען, נאָר ער שעהמט זיך. ער פרעגט נאָר, אזוי זיך גלאַט אין דער וועלט אריין, וואו זי וואוינט, און דער, ניט קיין איבערגעשפּיצטער, זאָגט איהם דעם אדרעס.

א גאַנצע נאַכט האָט זיך אונזער אלמן געדרעהט אויפ׳ן געלעגער און געזוכט א פּאַסענדען תירוץ צו באזוכען דער אָרימער אלמנה. זאָל ער זי אָנבאָטען ארבייט אין סטאָר? איז גראָד איצט סלעק. אפשר הויז־ארבייט? ווייסט ער ניט צי וועט זי זיך ניט באַליידיגען דערפון, אפשר איז זי גאָר א הייםישען גביר׳ס א טאָכטער.

מיט׳ן מאָרגען איז פאַרטיג געוואָרען דער תירוץ: ער וועט איהר זאָגען, אז ער וויים פון א געשעפט וואָס פאַרקויפט זיך און וועט פּאַסען פאַר איהר, ער האָט געהערט אז זי זוכט א ביזנעס.

קוים דערלעבט ביז׳ן האַלבען טאָג, איז ער אוועק צו איהר. זיי האָבען זיך באַגעגענט ווי אַלטע באַקאַנטע. און באמת האָבען זיי זיך געקענט, כאָטש נים געווען פאָרגעשטעלט; מען טרעפט זיך דאָך אזוי אָפט צו געמיינשאַפטליכע אונטערנעהמונגען.

זי האָט איהם געבעטען זיצען. ער האָט זיך געזעצט. דעם תירוץ האָט ער אָפּגעכאַפּט, ווי מען כאַפּט אָפּ „אשרי“ ביי דעם דאַווענען. זי האָט כמעט ניט געשענקט קיין אויפמערקזאַמקייט.

נאָך די ערשטע פּופצעהן מינוט ריידען האָבען זיי ביידע דערפיהלט, אז זיי איז פרעהליכער און בעסער, כאָטש זיי האָבען גערעדט נאָר פון זייערע פאַרלאָרענע און האָבען דערביי געוויינט.

א ביסעל שפּעטער איז זי אויפגעשטאַנען און געגאַנגען מאַכען טעע. ער האָט איהר נאָכגעקוקט. א הויכע, א בלאָנדע, אָן איידעלע, אזוי ווי א „פּריצ׳טע“, קוועלט אין איהם דאָס הארץ. זיינע איז געווען א קליינע, א פּעטע, א טונקעלע. ער פאַרשעהמט זיך פאַר זיין פאַרדאַרבענקייט, טוט א זיפץ און מורמעלט: „הלואי וואָלט זי נאָר געלעבט, אזא געטרייע נשמה געווען.“

„זי מוז זיין א ריינליכע פרוי אויך“, טראַכט ער ווידער מיט פרייד און קוקט ארום די הויז! דאָס איז א טיפּישע ארבייטערהויז, וואו די נויט לערענט אוים צו מאַכען פון אן אלטען גרויסען פאָרהאַנג צוויי נייע קליינע פאָרהענגלעך, דאָס וואַשען און פרעסען און פאַרהיינגען דערמיט אן אלטען הילצערנעם סינק.

„א געליטענע איז זי נעבאך“, שפּינט ער זיינע פרעהליכע געדאַנקען, באַטראַכטענדיג די אָרימע הויז, „זי וועט זיין גוט צו די קינדער... איין־און־דרייסיג יאָהר... נאָך גאָר א יוגענד.“

פון קיך הערט זיך דער פרוי׳ס קול און עס ענטפערט א זים קול׳כעלע פון א קינד. ער הויבט זיך אויף, געהט שטילערהייט און כאַפּט א קוק אין קיך. דאָרט ביים טיש זיצט א בלאָנדע פיער־יאָהריגע מיידעלע. זי מאָלט מיט א רויטען פענסיל אויף געלען פּאַפּיער.

א „פרעמד קינד“, איז זיין ערשטער אומעטיגער געדאַנק — „אָבער א וואויל מיידעלע“, ווערט ער פרעהליכער און קוקט אויף דער מוטער. זי טראָגט די טעע צום טיש, אביסעל פאַררויטעלט. זיי זעצען זיך ביידע, קוקען זיך אָן פרייער און פרעהליכער, זיי טרינקען טעע און עס ציהט זיך זייער געשפּרעך.

„א גאַנץ ליעבער, פריינדליכער מענש“, טראַכט זי וועגען איהם, „אָבער גרויסע קינדער“, ווערט זי אומעטיג.

„מיינע קינדער זיינען דימענטען“, כאַפּט ער אונטער. ווי ער זאָל טרעפען איהר געדאַנק. „קיין הויך קול הערט מען ניט פון זיי. איינער פאַרדיענט צוואַנציג דאָלאַר א וואָך, דער אַנדערער אַכטצעהן. זיי ברענגען אַהיים און גיבען אוועק ביז א סענט.“

„אַכט און דרייסיג דאָלאַר א וואָך“, מאָלט זיך ערגעץ ביי איהר אין דער טיעפעניש א חשבון. אין דער טיעפעניש, זי ווייסט דערפון ניט, נאָר עס איז איהר גאַנץ פרעהליך מיט איהר גאַסט. און זיי באַמערקען ביידע ניט ווי עס פאַרשווינדט די צייט.

---

עס איז געוואָרען שפּעט נאָך האַלבען טאָג און ער האָט געמוזט געהן. זי איז אויפגעשטאַנען איהם צו באַגלייטען, און פּלוצלינג פון שלאָפצימער האָט זיך צושריען דאָס אינגערע צווייטיאָהריגע קינד זי איז אריין דאָס איינשטילען און ער איז געבליבען וואַרטען זך צו געזעגענען.

„א שרייער“, טראַכט דער אלמן און עס ווערט איהם אומעטיג. „דריי איינענע“, מאַכט ער גיך דעם חשבון, „צוויי פרעמדע, איינס א שותפות׳דיגס... א פולע הויז מיט קינדער, געשרייען טומעל...“ אזוי טראַכט ער און עס ווערט איהם אַלץ שווערער און שווערער... און דאָ פּלוצלינג ווידער, אפשר א מיליאָן פוס די טיעפעניש אין זיין הארץ, לעבט אויף א געדאַנק. „די „פּלו“ בושעוועט נאָך...!“ און דער בייזער מערדערישער געדאַנק בינדט צוזאַמען די „פּלו“ מיט די פרעמדע קינדער...

דאָס טוט זיך נאָר אין דער טיעפעניש, ער אַליין אָבער וויים כמעט ניט דערפון. דאָס קינד איז איינגעשלעפערט, זי שטעהט אַקעגען איהם און גיט איהם די האַנד צום געזעגענען. זי איז פּונקט מיט איהם איין הויך, אָן איידעלע ווי א פּריצ׳טע, מיט צוועלף יאָהר אינגער פון איהם... זייערע הערצער פרעהען זיך, די אויגען שמייכלען, און עס ווילט זיך איהם שטאַרק דריקען איהר האַנד און טאָן א קוש...

---

...ווען אַלע זיבעציג טויזענד מיטגליעדען פון אַ. ר. וואָלטען געווען ב י ר ג ע ר, וואָלטען מיר געקענט אָנשרייבען אַ שעהנע געשיכטע אין עלעקשאָן־טאָג...

* * *

הייבט שוין אַמאָל נישט אָן אונזער חלום מקוים צו ווערען? הויבט זיך ווירקליך שוין אָן דער אָנהויב פון סוף?)

* * *

ווען מאַרטש קומט אָן און די ערשטע שוואַלבען זאָגען אָן דעם פריהלינג, הויבט אָן אונזער ברוסט זיך שטורמישער הויבען. עפּעס זאָגט אונז, אַז פריהלינג מיט פריוהייט האָבען אַ נאָהענטע שייכות...

* * *

„איכ׳ב ריהיגען האָפּען פון אַרבייט איז דער מענש“ — האָט קאַרלייל געזאָגט. ווערט אָנגערשט — ווען איז דאָס געווען?...

* * *

אייער פּוילען זיך אַרויסצונעמען די בירגער־פּאַפּיערען איז נישט נאָר אַ לייכטזיניגקייט, נאָר אויך אַ פאַרברעכען.

...כל־זמן עס איז פאַראַן אַ „נידעריגער“ קלאַס, בין איך אין איהם. כל־זמן עס איז פאַראַן אַ „פאַרברעכערישער קלאַס“, באַלאַנג איך צו איהם. און אַזוי לאַנג ווי אַן איינציגע נשמה געפינט זיך אין תפיסה, בין איך אויך נישט פריי...

— יודזשין וו. דעבס.

* * *

אין אַ שדים־טאַנץ אַ ווילדען דרעהען זיך, וואַרפען זיך געשרייען, רויטע, שכור׳ע, פאַרבלוטיגטע, טאַנצען, שפּרינגען, ווערען ברייטער, ווערען גרעסער, העכער, שאַרפער, פילען אָן דעם גאַנצען הימעל, פילען אָן די וועלט...

—אַלגין.

* * *

די יעצטיגע געזעלשאַפט קען זיך מאַכען נישט זעהענדיג ווען ס׳האַנדעלט זיך וועגען ג ז ל ה, ה נ ו ת און ר צ י ח ה, אָבער זי וועט קיינמאָל נים מוחל זיין די, וועלכע קומען צו איהר מיט אַ נ י י ע ר תורה...

— פרעדעריק הערריסאָן.

# די אַרבייטס־מאַשינעריע אין אַ. ר.

פון ס. וואָלאָס

אין דער טומעלדיגער צייט, וועלכע האָט געהערשט אין אַרבייטער־רינג מיט אַ יאָהר 5 צוריק, האָט מען געזוכט צוצושרייבען די אורזאַכען פון די קריעגערייען צו דער שלעכטער פאָרמע פון פאַרוואַלטונג. סיי אין די ברענטשעס, סיי ביי עפענטליכע פאַרזאַמלונגען האָבען געוויסע מיטגליעדער פון אַ. ר. געזוכט צו באווייזען, אַז די הויפּט צרה ליגט נאָר אין דער ניט דעמאָקראַטישער פאָרמע פון אונזער פאַרוואַלטונגס־מאַשינעריע. די דאָזיגע מענשען איז דאָס ענדליך געלונגען דורכצופיהרען די דעפּאַרטמענט פאָרם פון אַן עקזעקוטיווע, וועלכע זיי האָבען באַטיטעלט מיט'ן נאָמען „ניו דזשוירזי פּלאַן", וואָס עקזיסטירט נאָך ביז היינט צו טאָג. עס וואָלט געווען ווינשענסווערטה פאַר דער גרויסער מעמבערשיפּ זיך גענויער צו באַקאַנען ווי אַזוי די כמעט 6 קליינינקע עקזעקוטיוועלאַך שטעלען צונויף די גאַנצע עקזעקוטיווע פון אַ. ר.

מיט יאָהרען צוריק, איידער מיר האָבען געהאַט אַן עקזעקוטיווע פון גאַנצע 30, פלעגט יעדען מאָנטאג אָדער מיטוואָך פון דער וואָך מיטען די עקזעקוטיווע. אַלע פראַגען פון אַ. ר. פלעגען פאָרקומען פאַר דער גאַנצער קאָמיטע, יעדער מיטגליעד פון דער עקז. פלעגט האָבען אַ מעגליכקייט זיך צו באַקאָנען מיט דער אַרבייט און אנטייל נעמען אין די פאַרהאַנדלונגען, אַריינברענגען זיינע מיינונגען און אויסאיבען זיינע פעהיגקייטען; דערפאַר טאַקי האָט מען יעדען מעמבער פון דער עקז. באַזונדער געקאָנט האַלטען פאַראַנטוואָרטליך פאַר אַלע באַשליסע און געשעהענישען אין אַ. ר., ווי אויך צוטיילען אַמאָל דעם קרעדיט פאַר די גוטע אַרבייט וואָס די עקז., אַלס אַ גאַנצע, האָט אויפגעטאָן. און זאָל עס צו קיין גנאי ניט זיין: עס ווילט זיך אַמאָל הערען אַ גוט וואָרט פאַר נוצליכע טעטיגקייט, נאָך די פאַרציע קריטיק וואָס עס קומט אויס איין עקז. זעהר אָפט צו הערען. אין קורצען, אַ גאַנצע עקז. האָט געטראָגען די פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר אַ יאָהר אַרבייט. לאָמיר יעצט זעהן, ווי אַרבייט יעצט די עקז. פון 30, צוטיילט אין 6 באַזונדערע קאָמיטעס.

יעדען מאָנטאג מיטעט די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, פון וועלכע איך האָב די עהרע צו זיין אַ מיטגליעד. עס זיצען אַרום דעם גרויסען רונדען טיש 5 מענשען און אַמאָל זאָגאַר 4 (ווען איינער איז קראַנק אָדער אַבוועזענד צוליעב אַנדערע אורזאַכען) און אין די הענט פון די עטליכע מענשען ליגט דער שיקזאַל, צי וועט דער אַ. ר. דעם יאָהר קומען צום קאָנווענשאַן מיט 75 טויזענד מיטגליעדער, אָדער מיט וועניגער. און מעגען די עטליכע אין דיזער קאָמיטע זיין פעהיג און ערפאַהרען — קאָנען זיי אויך ניט אַטענדען צו דער גאַנץ גרויסער אַרבייט, וועלכע איז זיי צוגעטיילט געוואָרען. דער פאַקט, אַז גאַנץ אָפט מוז מען בעטען מיטגליעדער פון אַנדערע קאָמיטעען צו העלפען טאָן אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט רעדט פאַר זיך, אַז די קאָמיטע איז צו קליין אין צאָהל, אַרומצונעמען די גאַנץ גרויסע אַרבייט, צו פאַרגרעסערען און פאַרריכערען דעם אַ. ר. די ענדע איז, אַז זעהר וועניג מיטגליעדער פון אַנדערע קאָמיטעען ווייסען גענוי די אַרבייט פון דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע און קאָנען כמעט ניט געהאַלטען ווערען פאַראַנטוואָרטליך פאַר פעהלערען און זיינען נאָך וועניגער באַרעכטיגט צו קרעדיט. עס איז אמת, אַז יעדען 1טען זונטאג אין מאָנאַט באַריכטעט די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע צו דעם אַלגעמיינעם מיטינג פון דער עקז. און אַלע דאַרפען גוטהייסען די אַרבייט, איז ערשטענס דאַרף מען נאָר גוטהייסען אָבער טאָן קאָן דאָך ניט די גאַנצע עקז., און צווייטענס, איז בכלל ניטאָ גענוג צייט צו דיסקוטירען און פאַרלעגען פלענער פאַר ווייטערטיגע טעטיגקייט. איך וויל דאָ קיינעם ניט באַשולדיגען, איך ברענג עס בלויז פאַר איין אַרגומענט אַז די פאָרמע פון אונזער פאַרוואַלטונג טויג ניט.

עס זיינען דאָ נאָך פילע אַרגומענטען, וואָס ריידען געגען די יעצטיגע סיסטעמע פון דער אַרבייט, אָבער דער פּלאַץ איז צו באַגרענצט.

דיענסטאג מיטעט די בענעפיט קאָמיטע, וואָס דאַרפען אַכטונג געבען איבער די גרויסע סומען געלדער, וועלכע ווערען אויסגעצאָהלט אין קראַנקען און טויטען בענעפיט. דאָרטען איז אויך די זעלבע לאַגע, מיט דער אויסנאַהמע פון עקסטרא אָרדינערי קייסעס, וועלכע די קאָמיטע בעט די גוטהייסונג פון די אַלגעמיינע מיטינגען, ווייסען די איבעריגע עקז. מיטגליעדער זעהר וועניג וואָס אין דיזען דעפּאַרטמענט טוט זיך.

מיטוואָך מיטעט די סאַניטאַריום קאָמיטע, וועלכע פאַרוואַלטעט דעם סאַניטאַריום, און מיט דער גאַנצער אויפמערקזאַמקייט, וואָס ווערט געגעבען צו דיזער קאָמיטע, צוליעב דער גרויסקייט און וויכטיגקייט פון איהרע פונקציאָנען, בלייבען דאָך פילע איינצעלהייטען אונבאַוואוּסט צו דער גאַנצער עקז. איהר האַלט מען זעהר אָפט פאַראַנטוואָרטליך פאַר געשעהענישען וואָס אין סאַניטאַריום פּאַסירט און צייטענווייז ווייסען איהרע איבעריגע מיטגליעדער ניט וואָס צו ענטפערען. איך וויל נאָך אַמאָל אונטערשטרייכען, אַז עס איז פאַר קיין פאַל ניט די שולד פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע. עס איז פּשוט ניטאָ די מעגליכקייט צו וויסען אַלעס וואָס עס טוט זיך ביי אַ קאָמיטע ווען מען איז ניט אַנוועזענד שטענדיג ביי איהרע מיטינגען.

דאָס זעלבע איז מיט דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, וועלכע ברייטעט אויס איהרע טעטיגקייטען איבער'ן גאַנצען לאַנד. פון די טרוקענע באַריכטען צו די מאָנאַטליכע מיטינגען קאָן מען וועניג וויסען פון דער גאַנצער אַרבייט פון דער קאָמיטע, און מען בלייבט טאַקי פרעמד אין אַלע איהרע אונטערנעמונגען און טעטיגקייטען.

מיט דער אַרבייט פון דער אַפּיל קאָמיטע און גריוועגס קאָמיטע איז עס אַביסעל בעסער, ווייל זיי טוען מעהר באַגרעניצטע אַרבייט, אָבער עס וואָלט אויך ניט געשאַדעט עס זאָל געטאָן ווערען דורך איין איינהייטליכע עקזעקוטיווע.

יעצט לאָמיר זעהן די גאַנצע עקזעקוטיווע ביי דער אַרבייט:

יעדען ערשטען זונטאג אין מאָנאַט דאַרפען אַלע מיטגליעדער פון דער נאַציאָנאַלער עקז. קומען צו דעם מאָנאַטליכען מיטינג. איך זאָג דאַרפען, ווייל אויף וויפיעל מיר איז באַקאַנט געדענק איך ניט, אַז איך זאָל האָבען געזעהן אַלע 30 מעמבערס. דער רעקאָרד קען עס צייגען. פאַרקעהרט: זעהר אָפט מיטעט מען מיט אַ האַלבער עקז., ספּעציעל ווען מען האַלט אַ פאָרטזעצונג מיטינג אין מיטען דער וואָך. דער שוואַכער אַטענדען פון די גענעראַל מיטינגען איז גאַנץ נאַטירליך: דער זעלבער מיטגליעד, וועלער איז זעהר טעטיג אין זיין קאָמיטע, האָט ניט דעם אינטערעס צו קומען הערען באַריכטען פון קאָמיטעס, וועמעס אַרבייט איז איהם פרעמד, סיידען אין אויסערגעוועהנליכע פראַגען פון וויכטיג געזעלשאַפטליכען כאַראַקטער. ער פאַרלאָזט זיך אויף דער אויפריכטיגקייט פון יעדער קאָמיטע באַזונדער, אַז מען וועט שוין טאָן אַלעס ווי עס דאַרף צו זיין.

דאָס ברענגט דערצו, אַז יעדע קאָמיטע פיהלט זיך זעלבסטשטענדיג כאָטש זי איז פאַראַנטוואָרטליך צו דער גאַנצער עקז. ווען אַ זייטיגער בעאָבאַכטער זאָל עס גענוי באַטראַכטען וועט ער מוזען קומען צום שלוס, אַז 6 קליינע עקזעקוטיוועס אַרבייטען אין אַ. ר., וועלכע האָבען געמיינשאַפטליך זעהר וועניג צו טאָן איינער מיט'ן צווייטען. דאָס איז, נאָך מיין מיינונג, ניט געזונט פאַר דער גאַנצער אָרגאַניזאַציאָן..

וואָס קען מען אָבער דערצו טאָן?

מיין מיינונג וואָלט געווען, צו האָבען אַן עקזעקוטיווע פון 15 וועלכע זאָל טאָן אָרגאַניזאַציאָן, סאַניטאַריום און עדיוקיישאָנאַל אַרבייט, לויט דער באַקוועמליכקייט, ווי זיי וועלען געפינען פאַר נויטיג. די עקז. וועט שוין אַכטונג געבען אויף'ן אָפּיס און במילא אויך אויף בענעפיט. אַ גריוועגס קאָמיטע פון 7 זאָל ערוועהלט ווערען באַזונדער, אויף'ן זעלבען אופן ווי די 15, דורכ'ן רעפערענדום, זאָלען בלויז אויפנעמען קלאַגען — געגען מעמבער פון ברענטשעס אָדער געגען דער עקזעקוטיווע, געגען וועמענס ענטשיידונג מען זאָל קאָנען אַפּעלירען צו דער נייעשאַנאַל באָארד אוו דירעקטאָרס. די נאַציאָנאַלע גריוועגס קאָמיטע זאָל בלויז דיענען פאַר דעם נידעריגען געריכטס־הויז, און האָט גאָר ניט צו טאָן מיט די געשעפטען פון אַ. ר.

אויף אַזאַ אופן, דענק איך, וועלען מיר האָבען אַן אַרבייטזאַמע עקזעקוטיווע, וואָס וועט צוזאַמען אַרבייטען און צוזאַמען זיין פאַראַנטוואָרטליך פאַר אַלעם, וואָס וועט געטאָן ווערען אין אַרב. רינג.

די 19טע קאָנווענשאַן, איז שוין נאָהענט, זאָלען די ברענטשעס אויפנעמען דיזע פראַגע פון פאַרוואַלטונג אויף'ן טאַגעס־אָרדנונג, גרינדליך דיסקוטירען און עס אַריינשיקען צום קאָנווענשאַן נומער „פריינד" אין דער פאָרמע פון רעקאָמענדיישאָנס און די 19טע קאָנווענשאַן וועט זיך געוויס רעכענען מיט דיזע מיינונגען ווען פילע ברענטשעס וועלען עס רעקאָמענדירען. דענקט וועגען דעם. די צייט איז קורץ.

---

וואָס פאַר אַ זיכערע געניטע שיסער עס זיינען דאָס די געמיינע ווערדער פון זשאָרעס, ליעבקנעכט, לוקסעמבורג און אייזנער. קענטיג זיי זיינען שוין געווען אַלטע בעלי־מלאכות...

נאָך נישט אַלע אייערע באַקאַנטע זיינען מעמבערס פון אַרבייטער־רינג. אויב איהר זענט זיי באמת אַ גוטער פריינד, זעהט אַז זאָלען עס ווערען.

---

**יעדער אידישער אַרבייטער און ראַדיקאַל מוז דערגרייכט ווערען אין דיעזען קאַמפּיין!**

# שרעק

ערצעהלונג (פון קינדער־לעבען)

פון י. ד. שיניאק

ביינאכט האט זיך דער פינף־יאהריגער בערעלע אויפגעכאפט פון שלאף, געזעהן אז ער ליגט אין דער פינסטער מיט'ן פנים צום פענסטער, ווי עס קוקט אריין א גרויע, אפגעריסענע וואנד אהן פענסטער, דערמאנט ער זיך, אז ביינטאג איז דא אדורכגעגאנגען א גוי אויף „שטאלצען". האט ער זיך דערשראקען פאר'ן גוי'ס פנים, וואס האט אויסגעזעהן ווי דאס קארטאפעל מעסער, זיך אויסגעדרעהט צו דער וואנד, צודריקענדיג פעסט די אויגלעך, ציהענדיג די דעק איבער'ן קאפ.

אונטער די דעק האט ער געזעהן מיט די צוגעמאכטע אויגלעך לייבעלע'ס מאמע, וואס האט זיך ביינטאג געשלאגען דעם קאפ אן וואנד, זיך געריסען די האר פון קאפ, געזעהן ווי לייבעלע איז געשטאנען ביי זיין מאמע און געוויינט, זי זאל ניט וויינען, געזעהן ווי זיין מאמע מיט נאך שכנות האבען צוגעהאלטען לייבעלע'ס מאמע ביי די הענד, זי זאל זיך ניט שלאגען. איהם, בערעלע'ן האט די מאמע ניט געוואלט ארויסלאזען פון שטוב, אבער ער האט זיך ארויסגע'גנב'עט.

מיט אמאל נעהמט איהם אדורך א שרעק איבער'ן יונגען קערפעריל. אהן געהט דער איד מיט'ן שווארצען קעסטעל אויפגעהאנגען אויף די פלייצעס מיט א ברייטען רימען, אליין אויך אין שווארצען אנגעטאן, לויפט אויך ארויס גיך פון לייבעלע'ס שטוב, וואו עס איז געלעגען קראנק אין וויעגעל זיין קליין שוועסטערעל. ער שלאגט צוזאמען פאר שרעק די צייהנדלאך און ציטערט זיך צו ריהרען, אז ער זאל ניט אראפציהען די דעק פון איבער'ן קאפ און דערזעהן דעם איד מיט'ן שווארצען קעסטעל, וואס לויפט ארום און כאפט צו קליינע קינדער, פון די וויעגען, און מיט אמאל, פון אונטער'ן דעק, זעהט ער ווי דער איד מיט'ן שווארצען קעסטעל געהט ארויס פון דער צווייטער שטוב, וואו זיין קליין ברודערעל שלאפט מיט זיין מאמען. צו־גע'גנב'עט זיין קליין ברודערעל פון די מוטער'ס ברוסט, וואס האט געהאלטען פונקט אין זויגען, און די מוטער ליגט דארט און שלאפט מיט די נאקעטע ברוסט אין דרויסען, און מיט שטילע טריט אויף די שפיץ פינגער קוקט ער צו איהם מיט בייזע אויגען, און געהט ארויס.

ער האט זיך קאנוואולסיוו אנגעכאפט אן דעם ברודער'ס פיס, מיט וועלכען ער איז געשלאפען, זיך אנגעהאלטען אן איהם מיט אלע כחות, ניט געקענט א צייט ארויסשרייען א ווארט, וואס איז איהם געבליבען אין האלז, און מיט אמאל האט ער ארויסגעלאזען א ווילדען געשריי אהן ווערטער, פון וועלכע אלע אין שטוב האבען זיך פאר שרעק אויפגעכאפט, געפונען איהם ליגען פעסט ארומגעקלאמערט אין ברודער'ס פיס, און זיך מורא געהאט אפלאזען.

דורך די צוגעמאכטע אויגלעך האט בערעלע דערפיהלט דעם שיין פון דעם נאר וואס אנגעצונדענעם לאמפ, אויפגעמאכט א שטיקעל אויג, און נאך מורא געהאט אפלאזען דעם ברודער'ס פיס, ניט געוואלט געהן צו די מוטער, ניט געווען זיכער צי דאס איז טאקע די מוטער, צי דאס האט זיך ניט אמאל דער שווארצער איד מיט'ן שווארצען קעסטעל פארשטעלט און וויל איהם פארנארען, ווי דאס האט איהם אמאל די אלטע פייגעלע, זיין מאמעס עלטער־מוהמע דערצעהלט אין א שבת פאר נאכט ווען מען טאר נאך ניט קיין ליכט אנצינדען: „אז א אינגעלע פאלגט ניט, קומט דער איד מיט דעם שווארצען קעסטעל און פארשטעלט זיך, און כאפט צו דאס אינגעל".

און אז די מוטער האט איהם אנגענומען, געוואלט נעמען אויף די הענד, האט ער גענומען שרייען מיט ווילדע קולות, זיך נאך שטארקער געקלאמערט אין ברודער'ס פיס און ווילד געשריען.

און אז דער ברודער האט איהם גענומען איינרעדען, אז ער זאל געהן צו די מוטער, האט בערעלע אויפגעמאכט נאך אמאל א שטיקעל אויג, דערנאך אינגאנצען, זיך איבערצייגט אז דאס איז די מוטער, האט ער זיך געלאזט נעמען אויף די הענד, מיט'ן קעפעל זיך געטולעט אין איהר ברוסט און פעסט זיך אן איהר אנגעהאלטען, זיך ניט געלאזט אנריהרען, ניט געענטפערט דער צושראקענער מוטער וואס עס איז איהם, אפגעווארפען פון זיך אלץ וואס מען האט איהם געגעבען. און ווען די מוטער האט איהם געטראגען צו זיך אין בעט, אין דער צווייטער שטוב, און געדארפט אדורכגעהן וואו ער האט געזעהן דעם איד מיט דעם שווארצען קעסטעל, האט ער גענומען ווארפען מיט די פיסלעך, זיך האלטענדיג פעסט ארום דער מוטער'ס האלז און מורא געהאט קוקען צום וויעגעל. אבער ליגענדיג אין בעט געטולעט צו דער מוטער, איז איהם די שרעק צו ביסלעך אדורך און איז בארוהיגט אנטשלאפען געווארען. און ווען בערעלע האט זיך אויפגעכאפט אין דער פריה, ווען עס איז שוין געווען גרויסער טאג, איז די מוטער געזעסען אן אונרוהיגע אויפ'ן בעט, געזויגען דאס קינד, און בערעלע האט זיך געוואלט עפעס דערמאנען און עפעס ניט דערמאנט, און זיך גע'חדוש'ט, וואס דאס קינד ליגט אין דער מוטער'ס שויס און זויגט.

# צווי פארבענקטע

(מאטיוו ענטנומען) (קינדער־ליעד) פון משה קארמאן

אין א שעהנעם שטיבעלע,
אויף א קליינעם טישעלע,
שטעהט פון גלאז א קעסטעלע,
שווימט דערין א פישעלע,

ביי די פענסטער־פארהענגלעך,
הענגט א דראטען שטייגעלע.
זינגט דארט אין דעם שטייגעלע
צארט, פארבענקט א פייגעלע.

זינגט און בענקט דאס פייגעלע,
בענקט אהיים צום נעסטעלע.
שווייגענד בענקט דאס פישעלע,
גארט צום טייך—ארוים פון קעסטעלע...

ביידע בענקען טיעף אזוי
נאך די טעג פארגאנגענע;
עלענדע, צוויי הילפלאזע,
ארימע געפאנגענע...

# די ליעג פון פעלקער

פון ע. א. ברוידעס

קאָלט האָט די וועלט אויפגענומען די בשורה וועגען דער גרינדונג פון א ליעג פון נאַציאָנען. פון באַגייסטערונג, פון אמת׳ע סימנים פון פרייד און האָפנונגען, וואָס אזא בשורה האָט, דוכט זיך, געדאַרפט אַרויסרופען, איז כמעט קיין זכר ניטאָ. די קלאַסען, וועלכע לײַדען נעוועהנליך אַממעהרסטען פון מלחמה, האָבען פריי ניט אָפּגעאָטעמט און די מענשען, וועלכע זיינען אַמשטאַרקסטען פאַראינטערעסירט אין קריעג צווישען די פעלקער האָבען זיך ניט דערפיהלט פּלוצלינג אלס איבריגע מענשען אויף דער וועלט.

די ליעג פון נאַציאָנען איז געשאַפען געוואָרען פון די מעכטיגסטע מענשען צווישען די מעכטיגסטע פעלקער. דער פונדאַמענט איז, דוכט זיך, אזא זיכערער, און דאָך...

צוריק מיט עטליכע דורות איז אויך געשאַפען געוואָרען א צווישען־פעלקער פאַרבאַנד, דער אַרבייטער אינטערנאַציאָנאַל. שוואַך, אונבאַוואוסט, פאַרפאָלגט זיינען געווען די מענשען, וועלכע האָבען יענעם פאַרבאַנד געשאַפען. זיי זיינען געווען מענשען, וועלכע האָבען קיינעם גאָרניט געקענט באַפעהלען, קיינעם צו גאָרניט געקענט צווינגען. די מעהרסטע פון זיי זיינען געווען נע־ונד׳ניקעס, געלעבט אין אָרימקייט און אין שטענדיגער מורא מען זאָל זיי ווי נידריגע פאַרברעכער אין תפיסה ניט אַריינוואַרפען, מען זאָל זיי ניט צווינגען אַנטשוויגען צו ווערען און צו דערשטיקען אין זיך דעם געשריי, וואָס די פאַרוועהטאָגטע וועלט האָט אין זייערע אומרוהיגע, מענשליכע נשמות אַרויסגערופען. אָבער וויפיעל פרייד און גליק און האָפנונג האָט יענער שוואַכער און פון די שוואַכסטע געשאַפענער פאַרבאַנד אַרויסגערופען אין די הערצער פון די מענשען, וועלכע האָבען די בשורה וועגען איהם געהערט און זי פאַרשטאַנען. און וואָס פאַר א מורא׳דיגע שרעק האָט ער אָט דער פאַרבאַנד פון דער קליינער הייפעלע נע־ונד׳ניקעס אַרויסגערופען ביי די מעכטיגע פון אונזער ערד. עס איז געווען ווי א נייער פייער פון הימעל וואָלט א נייעם געטליכען כח פאַר דער וועלט אַנטדעקט, א געטליך פייער, וועלכע ברענגט א זיכערע היילונג פאַר דער אויסגעוועהטאָגטער מענשהייט, אָבער אויך א ברענענדע נקמה פאַר די, וועלכע האָבען די וועהטאָגען, דאָס בלוט און שוויים, אַרויסגערופען.

וואָס איז די אורזאַכע פאַר אָט דער כמעט פאַרקעהרטער אויפנאַהמע, וואָס די וועלט האָט גענעבען די צוויי „אינטערנאַציאָנאַלען“?

דער דורכשניטליכער עולם איז וועניג באַהאַוונט אין פּאָליטישע פראַגען, און נאָך וועניגער אין פראַגען פון אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק. אָבער עס איז דאָ אזא זאַך, וואָס מען רופט סאָציאַלער אינסטינקט. דאָס איז דער אויסדרוק פון די אַלע אונקלאָרע און ניט דורכגעטראַכטע ידיעות, געפיהלען און געדאַנקען, וואָס יעדער מענש האָט געוועהנליך וועגען דעם סאָציאַלען לעבען פון זיין צייט. עס טרעפט זיך אָפט, אז מענשען פאַרשטעהען ניט קלאָר די פולע באַדייטונג פון געוויסע וויכטיגע סאָציאַלע ערשיינונגען, אָבער דאָס ניט פאַרשטעהן שטערט זיי ניט אינסטינקטיוו ריכטיג אויפצוכאַפּען דעם ריכטיגען ווערט פון די דאָזיגע ערשיינונגען. אויב ניט דער שכל, זאָגט זיי שוין „דאָס האַרץ“ אונטער ווי אזוי א געוויסע געזעלשאַפטליכע פּאַסירונג קען און וועט זיך אָפּרופען אויף זייערע אינטערעסען אין לעבען.

מען דאַרף ניט זיין קיין גרויסער מומחה אין הלכות פּאָליטיק אום צו פאַרשטעהן פאַרוואָס די שאַפונג פון דער ליעג פון נאַציאָנען גיט נאָך דער וועלט ניט קיין ערבות, אז די מענשהייט וועט אין דער צוקונפט לעבען אין שלום און אז

עס וועלען מעהר ניט פאָרקומען קיינע שרעקליכע בלוט־פאַרגי[…] סונגען, ווי די, וועלכע מיר האָבען ערשט דורכגעליטען.

די קאָנסטיטוציע פון דער ליעג פון נאַציאָנען איז נאָך יעצט לעת־עתה ניט אָנגענומען געוואָרען, אָבער מען קען ער[…] וואַרטען, אז די 26 פונקטען פון דעם דאָקומענט, וועלכע זיינען פאַרעפענטליכט געוואָרען, וועלען אַמענדע אונטערגעשריבען ווע[…] רען ווי זיי זיינען, און אויב עס וועלען געמאַכט ווערען געוויסע ענדערונגען, וועלען זיי מן־הסתם דעם הויפּט־כאַראַקטער פון דער ליעג ניט באַריהרען.

די ערשטע זאַך וואָס מען באַמערקט לייענענדיג די דאָזיגע קאָנסטיטוציע איז, אז אין איהר איז כמעט קיין זכר ניטאָ וועלען מיטלען אָפּצושאַפען די אורזאַכען פון מלחמה. די וועלט בכלל בלייבט ווי געווען, צוטיילט דורך באַשטימטע גרעניצען צווישען פעלקער און לענדער. די ליניעס פון די גרע[…] ניצען וועלען געענדערט ווערען דאָ־און־דאָרט, אָבער גרעניצען[…] בלייבען. לעהר־ביכער פון געאָגראַפיע ערקלערען געוועהנליך[…] אז גרעניצען זיינען ניט קיין ממשות׳דיגע זאַך, נור ליניעס, וועלכע עקזיסטירען בלויז אין אונזער גדאַנק. אָבער דער אמת איז, אז איבער אָט די אויסגעטראַכטע ליניעס געפינט זיך שטענ[…] דיג א גאַנץ ממשות׳דיגע באַוואָפענטע וואַך, וועלכע גיט שטרענ[…] אַכטונג, אז סחורות זאָלען ניט אַריבערגעפּעקעלט ווערען פון איי[…] זייט גרעניץ אויפ׳ן צווייטען אָהן באַשטימטע אָפּצאָהלונגען, אָדער זאָלען אינגאַנצען ניט אַריבערגעפיהרט ווערען. דער עיק[…] פון גרעניצען זיינען ניט די ליניעס גופא, וועלכע האָבען טאַק[…] קיין ממשות ניט, נור די טאַריפען, די אָפּצאָהלונגען, אין וועלכ[…] ביידע צדדים, אויף ביידע זייטען גרעניץ, זיינען פאַראינטע[…] רעסירט. ערשט ניט לאַנג צוריק האָט זיך דאָ אין אמעריק[…] אָנגעפאַנגען א גוואַלדיגער שטורם געגען אונזער עללאַי ענגלאַנ[…] דערפאַר וואָס זי האָט פאַרמאַכט איהרע גרעניצען פאַר 300 גע[…] וויסע פּראָדוקטען, וואָס די אַמעריקאַנער פאַבריקאַנטען האָבע[…] צו פאַרקויפען. טאַריף־גרעניצען זיינען אימער געווען די גרעס[…] טע און די וויכטיגסטע אורזאַכע פון קריעג צווישען פעלקער[…] ווען פעלקער זאָלען פּראָדוצירען זאַכען בלויז פאַר זייער אייג[…] גענעם געברויך, וואָלט זיי וועניג געקימערט וואו עס לויפט דור[…] די אויסגעטראַכטע ליניע, וועלכע טיילט זיי פאַנאַנדער. אוי[…] א לאַנד איז קלענער און שאַפט וועניגער, דאַרף זי דערפאַ[…] אָבער האָבען וועניגער פּראָדוקטען פאַר איהר געברויך. מי[…] לעבען אָבער אין א וועלט וואו דער עיקר איז ניט דאָס שאַפ[…] פון לעבענסמיטלען, נאָר פון פּראָפיטען, און פאַר פּראָפיט־מאַ[…] כעריי איז די גאַנצע וועלט צו קליין. ווען פראַנקרייך[…] דייטשלאַנד, למשל, זאָלען אינגאַנצען אָפּשאַפען זייערע טאַרי[…] אָפּצאָהלונגען צווישען זיך, זאָלען מאַכען זייערע גרעניצען אינ[…] גאַנצען פריי פאַר׳ן פאַרקעהר און אומבייט פון פּראָדוקטען או[…] מאַטעריאַלען פון איין לאַנד אין א צווייטער, וואָלט געווען[…] גאַנץ קליינער אונטערשיעד פאַר ביידע צדדים די פראַגע וו[…] עס ענדיגט זיך איין לאַנד און עס פאַנגט זיך אָן א צווייט[…] צי די איינוואוינער פון די רהיין־פּראָווינצען אָדער פון עלזאַ[…] לאָרעין באַטראַכטען זיך אלס פראַנצויזען אָדער דייטשען. ליעב[…] און שנאה איז צווישען פעלקער נים דאָס וויכטיגסטע. דער עי[…] איז שטענדיג דער מאַטעריעלער אינטערעס פון מענשען א[…] זייערע פאַרהעלטנישען צווישען זיך. ווען איין לאַנד באַזיצ[…] א צווייטע און רייסט פון איהר אָפּ א שטיק, בלייבט אין ד[…] אָפּגעריסענער פּראָווינץ געוועהנליך אַלץ ווי געווען. אפילו[…] וויכטיגסטע אינדוסטריעלע איינריכטונגען אין דעם פאַרכאַפּט[…] לאַנד בלייבען אין די הענד פון די זעלבע בעלי־בתים, וועלכ[…] האָבען זיי פריהער געהאַט, מעגען זיי ווערען געטרייע אונטע[…] טאַנען פון זייער נייעם פאָטערלאַנד, צי ניין. די איינצי[…]

זאַך וואָס ענדערט זיך איז די טאַריף־ליניע צווישען די לענדער. דאָס אונטערדריקען פון דער פרעמדער נאַציאָנאַלער קולטור אין די פאַרכאַפּטע פּראָווינצען ווערט געמאַכט מיט דעם צוועק צו מאַכען זיכערער, אַז די נייע טאַריף־ליניע וועט בלייבען דאָרטען, וואו די נייע הערשער ווילען זי זאָל זיין; אַז עס זאָלען ניט געשאַפען ווערען קיינע כעפּאַראַטיסטישע טענדענצען, קיין פאַרלאַנג ביי דער באַפעלקערונג אָפּצורייסען זיך פון זייער נייעם פאָטערלאַנד און ענדערען די טאַריף־ליניע. ביי אָפענע, פרייע גרעניצען, וואָלט די גאַנצע מורא פון פראַנקרייך פאַר דייטשלאַנד אָדער פאַרקעהרט פאַרלאָרען יעדען שום זין. די איינציגע זאַך וואָס וואָלט נויטיג געווען איז, אַז אין ביידע לענדער זאָלען די געזעצען זיין אַלץ־איינס דעמאָקראַטיש, אַלץ־איינס פּראָגרעסיוו און אַלץ־איינס אין די אינטערעסען פון דער באַפעלקערונג אַלס אַ כלל, זאָלען ניט שטרעבען צו אונטערדריקען איין טייל פון דער באַפעלקערונג לטובה פון אַנאַנדערער. אונטער אַזוינע אומשטענדען וואָלט אי פאַר פראַנקרייך און אי פאַר דייטשלאַנד גאַנץ איבריג געווען צו האַלטען אַרמעען און צו בויען פעסטונגען צו פאַרטיידיגען זייערע גרעניצען, וועלכע וואָלטען דאַמאָלס ווירקליך געוואָרען אַ ניט־ממשות'דיגע ליניע.

וועגען דעם איז אין דער קאָנסטיטוציע פון דער פעלקער־ליעג אפילו קיין וואָרט ניטאָ.

די צווייטע וויכטיגסטע אורזאַכע פון מלחמות איז דער באַזיץ פון פאַרקעהר־מיטלען. די קאַפּיטאַליסטען פון יעדען לאַנד יאָגען זיך נאָך מאַרקען, וואו זיי קענען פאַרקויפען זייערע סחורות און מאַכען דאָרט פּראָפיטען. די קאָנקורענץ פון די פאַרשיעדענע קאַפּיטאַליסטישע לענדער צווישען זיך פאַר די דאָזיגע מאַרקען איז זעהר אַ שאַרפע און אויסער די טאַריפען איז דער באַזיץ פון מיטלען פון פאַרקעהר איינער פון די שטאַרקסטע וואָפען אין דער דאָזיגער קאָנקורענץ־מלחמה. ווען אַלע קאַפּיטאַליסטען פון אַלע לענדער זאָלען זיך קענען אין אַ גלייכער מאָס באַנוצען מיט די אייזענבאַהנען און מיט די ימים אומעטום פאַר דעם איבערפיהר פון זייערע סחורות פון איין פּלאַץ אין אַ צווייטען, וואָלט די גאַנצע פראַגע וועגען דעם באַזיץ פון קאָלאָניעס, וועלכע איז יעצט אַזוי פאַרשאַרפט, געוואָרען אויס אורזאַכע פאַר ברוגז'ן און שנאה צווישען פעלקער און זי וואָלט ניט פאַרשאַפט קיין הייסע בלוט ביי די שלום־פאַרהאַנדלונגען. דער חלום פון די דייטשע אימפּעריאַליסטען וועגען אַ בערלין־באַגדאַד אייזענבאַהן איז יעצט צושוואומען געוואָרען; אָבער ווען די וועלט וואָלט געווען זיין זיכער, אַז די דייטשע בעלי־בתים פון דער געפּלאַנעוועטער אייזענבאַהן וואָלטען אַלעמען גלייך געגעבען אַ געלעגענהייט צו פיהרען אָדער צו שיקען זייערע סחורות קיין אַזיען איבער איהר אָהן קיים שום שטערונגען אָדער משא־פנים, וואָלטען זיי געהאַט בלויז אַ יישר־כח פון דער וועלט פאַר בויען די באַהן. וואָס מעהר און בעסערע פאַרקעהר־מיטלען עס ווערען געשאַפען אויף דער וועלט, אַלץ בעסער און נוצליכער איז עס פאַר דער מענשהייט בכלל. רוסלאַנד און יאַפּאַן וואָלטען קיינמאָל נים געהאַט קיין אורזאַכע צו קריעגען זיך איבער דער אייזענבאַהן אין מאַנדזשוריען, ווען די קאַפּיטאַליסטען פון ביידע לענדער זאָלען געווען קענען זיך באַנוצען מיט דער באַהן אָהן קיינע פּריווילעגיעם פאַר קיינעם. די צרה איז אָבער, וואָס די מאַכט, וועלכע באַזיצט געוויסע פאַרקעהר־מיטלען פאַרהאַלט זיך געוועהנליך פּאַרטייאיש צו איהרע אייגענע קאַפּיטאַליסטען און שאַפט שטערונגען פאַר פרעמדע. דער דאָזיגער פאַרהאַלטען זיך שאַפט שטענדיגע סכסוכים צווישען די פאַרשיעדענע לענדער און האָט שוין אַרויסגערופען ניט איין מלחמה.

וועגען דעם פונקט איז אין דער געפּלאַנטער קאָנסטיטוציע פון דער ליעג אויך גאָר ניטאָ.

עס ווערט באַזאָרגט אין אַן אַלגעמיינער פראַזע, אַז די אַפּיטראָפּסים, וואָס די ליעג פון נאַציאָנען וועט אַנשטעלען איבער די פאַרשיעדענע קאָלאָניעס, וואָס מען האָט צוגענומען ביי דייטשלאַנד און טערקיי, וועלען מחויב זיין צו רעכענען זיך מיט די פאַרלאַנגען פון דער ליעג אין דער פאַרוואַלטונג פון די דאָזיגע לענדער, אָבער תוך־כדי־דבור ווערט צוגעגעבען, אַז יעדע אַפּיטראָפּוס־לאַנד וועט האָבען דאָס רעכט איינצופיהרען דאָרטען איהרע אייגענע געזעצען. דאָס אַליין נעמט בעצם צו פון דער ליעג דעם קאָנטראָל איבער די קאָלאָניעס. אויסער דעם בלייבען אַלע אַנדערע קאָלאָניעס און באַהערשטע לענדער אין דער זעלבער לאַגע ווי זיי זיינען געווען פריהער. דער קאָנטראָל פון די פאַרקעהר־מיטלען און די טאַריפען־אָפּצאָהלונגען זיינען ענג פאַרבונדען מיט דעם קאָנטראָל פון רויהע מאַטעריאַלען, וועלכע זיינען נויטיג פאַר די אינדוסטריען פון דער וועלט. אויסער דעם וואָס די קאַפּיטאַליסטען פון דער לאַנד, וועלכע באַזיצט די פאַרקעהר־מיטלען און די רויהע מאַטעריאַלען, באַנוצען זיך מיט זיי פאַר זייערע דירעקטע פּראָפיטען, ווערען נאָך די זאַכען אויסגענוצט אַלס אַ בייטש געגען אַנדערע לענדער צו באַקומען געוויסע פּריווילעגיעם און קאָנצעסיעם אין אויסלאַנד.

כל־זמן עס וועלען עקזיסטירען געוויסע פּריווילעגיעם פאַר געוויסע קלאַסען מענשען אָדער פעלקער, וועלען די דאָזיגע פּריווילעגיעם מוזען באַשיצט ווערען דורך וואַפען. זאַכען, וועלכע די וועלט אַנערקענט אַלס גערעכטע, אַלס אַזוינע, וועלכע ריהרען ניט אָן די רעכטע פון אַנדערע; פאַרהעלטנישע, וועלכע זיינען באַגרינדעט אויף ווירקליכען יושר און ניט אויף עקספּלואַטאַציע פון איין מענשען דורך אַ צווייטען, נויטיגען זיך ניט אין אַ שווערד צו באַשיצען זיי, נויטיגען זיך ניט אין שטענדיגע אַרמעען און אין אַן אָרגאַניזירטער באַוואַכונג. די מענשהייט האָט באַצאָהלט מיט גענוג בלוט, און צאָהלט נאָך יעצט, צו צווינגען די זוכער פון הערשאַפט און פון פּריווילעגיעם צו אַנערקענען געוויסע מענשליכע פּרינציפּען פון פרייהייט און פון גלייכהייט, אָבער נאָכדעם ווי די דאָזיגע פּרינציפּען ווערען אַ טייל פון אונזער לעבען בלייבען זיי לעבען מיט זייער אייגענעם כח. זיי זיינען זייער אייגענע גאַראַנטיע.

ווען די ליעג פון נאַציאָנען זאָל מאַכען אַן ערנסטען פאַרזוך אָפּצושאַפען די סבות פון מלחמות, וואָלט די וועלט מיט פרייד און האָפנונג באַגריסט איהר געבורט. די מענשהייט וואָלט דערפיהלט, אַז אַ ווירקליך גרויסע ענדערונג אין די פאַרהעלטנישען צווישען פעלקער ווערט געשאַפען, אַן ענדערונג וועלכע וועט ברענגען אמת'ען שלום אויף דער ערד. לעת־עתה ווערט געפּלאַנעוועט, אַז אין דער ליעג זאָלען אַריינגעהן נור די זיעגרייכע לענדער פון די עליים. אָבער דאָס בעצם וואָלט ניט געווען קיין גרויסער חטא, אויב דער נייער פעלקער־פאַרבאַנד זאָל ערקלערען, אַז ער ווערט געגרינדעט מיט דעם צוועק אום אָפּצושאַפען אַלע אורזאַכען פון קריעג. עס וואָלט די גרינדער געקומען אַ דאַנק דערפאַר, וואָס זיי זיינען געווען די ערשטע צו נעהמען אויף זיך די הייליגע אויפגאַבע צו ברענגען ווירקליכען שלום אויף דער וועלט. וועניג פעלקער האָבען זיך באַטייליגט אין דעם ערשטען אַרבייטער־אינטערנאַציאָנאַל, אָבער דאָס האָט ניט געמאַכט זיינע פּרינציפּען וועניגער וויכטיג און גרויס. אונזערע זקנים געדענקען נאָך די צייט ווען ער האָט זיך געגרינדעט, אָבער דורך דער קורצער צייט איז ער געוואָרען אַ דאָמינירענדע מאַכט אויף דער וועלט און יעצט זיינען זיינע פּרינציפּען פאַרשפּרייט אין אַלע לענדער צווישען אַלע פעלקער און האַלטען גאַנץ נאָהענט פון אַ זיעג אומעטום.

דאָס איז דערפאַר, וואָס דער אַרבייטער אינטערנאַציאָנאַל, די ליעג פון פעלקער געגרינדעט פון פאַרפאָלגטע נע־ונד'ניקעס, האָט ניט געזוכט צו באַפעסטיגען קיינע פּריווילעגיעם פאַר וועמען עס איז, נאָר אָפּצושאַפען זיי; דערפאַר, וואָס זיי האָבען ניט נור פּראָטעסטירט געגען וועלכע עס איז הערשאַפט פון מענשען איבער מענשען, נאָר זיי האָבען אויך ניט געזוכט קיין אַפּיטראָפּסות איבער קיינעם.

אויב די וועלט האָט זיך נאָך קלאָר צו דעם ניט דערטראַכט, פיהלט זי אָבער, אַז דער איינציגער וועג צו פאַרזיכערען שלום אויף דער ערד איז צו שאַפען אמת'ע פרייהייט פאַר מענשען, פריי פון עקספּלואַטאַציע פון איין מענשען דורך דעם צווייטען, **אָדער פון איין פאָלק דורך אַ צווייטען.**

# די אידישע ארבייטער באוועגונג אין אמעריקא

(קאנספעקט פאר אן איינליימונג)

פון ה. בורגין

דער אונטערשיעד צווישען דער אידישער און דער אלגעמיינער ארבייטער־באוועגונג אין אמעריקא. — די אורזאכען פון דעם אונטערשיעד. — דער כאראקטער פון דער אידישער אימיגראציאן. — די ראלע און דער איינפלוס פון דער סאציאליסטישער אינטעליגענץ אויף די אידישע ארבייטער־באוועגונג.

די ערשטע שריטע פון דער ארבייטער־באוועגונג אויף דער אידישער גאס אין די 80־ער יאהרען פון פאריגען יאהרהונדערט. — דער ערשטער סטרייק פון די אידישע ארבייטער אין ניו יארק. — די ערשטע סאציאליסטישע פאראייניגען. — די ערשטע יוניאנס, געגרינדעט פון סאציאליסטען. — די אידישע פרעסע. — די ערשטע שפאלטונגען (צווישען סאציאליסטען און אנארכיסטען). — די פאראייניגטע אידישע געווערקשאפטען.

דער „פאקען און מאזלען“ פון דער באוועגונג אין די 90־ער יאהרען. — די גרינדונגס־פעריאדע און צו דער זעלבער צייט די צערשטערונגס־פעריאדע. — די לאגע און די ארבייטס־באדינגונגען פון די אידישע ארבייטער. — די „ארבייטער צייטונג“ און די „פרייע ארבייטער שטימע“. — אידישע יוניאנס און נאציאנאלע פארבאנדען פון יוניאנס. — די ס. ל. פ. — די קאנווענשאנס פון אידישע סעקציאנען (פון סאציאליסטען און יוניאניסטען). — דער קאמף צווישען סאציאליסטען און אנארכיסטען. — דער קאמף אין די יוניאנס. — „די צוקונפט“. — דער „אבענדבלאט“. — דער „פארווערטס“. — די ערשטע שפאלטונג אין דער ס. ל. פ. — די ראלע פון דעניעל דע־ליאן. — די שפאלטונג אין די יוניאנס. — די פאר. איד. געווערקשאפטען און דער אידישער צענטראלער ארבייטער־פארבאנד. — די צווייטע שפאלטונג. — די סאציאל־דעמאקראטישע פארטיי. — די גרינדונג פון דער ס. פ.

דער יאוש אין אנפאנג פון די 1900־ער יאהרען. — נייע פעלדער פון טעטיגקייט. — דער ארבייטער רינג. — די קאאפעראטיווע באוועגונג. — די ווירקונג פון דער רוסישער רעוואלוציאן. — די א. וו. וו. — די אידישע סאציאליסטישע פעדעראציאן. — די יעצטיגע לאגע.

קוועלע:

ה. בורגין׳ס „די געשיכטע פון דער אידישער ארבייטער־באוועגונג אין רוסלאנד, ענגלאנד און אמעריקא“; מ. הילקוויט׳ס „היסטאריע פון סאציאליזמוס אין די פאראייניגטע שטאאטען“; יועז׳ס „סאציאליזמוס אין די פאראייניגטע שטאאטען“; די „ניו־יארקער פאלקסצייטונג“ (אידיש); די „ארבייטער צייטונג“; דער „אבענד־בלאט“; די „פרייע ארבייטער שטימע“; די „ווארהייט“ (אנארכיסטישע); די „צוקונפט“; דער „פארווערטס“.

# די פליעג און די ביהן

(נאך לא פאנטען)

פון נחום י.

אין גארטען פריהלינגס־צייט, ווען אלץ געוועזן איז גרין
איז אויף א בלאט א פליעג געזעסען.
און אויף א בלום ניט ווייט, דערזעהענדיג א ביהן,
האט זי ביי איהר געפרעגט:—„ווי האט ניט דיר דערעסען
צו ארבייטען פון פריה ביז שפעט ביינאכט
די גאנצע יאהרען?
מיר דאכט,
אז איך, אויף דיין ארט, וואלט דאך קראנק געווארען.
אט איך — א ביישפיעל נעם פון מיר —
לעב בעסער פיעל פון דיר;
דען ווי דו זעהסט,
פליה איך ארום די גאנצע צייט אין געסט.
איך וועל זיך ניט בארימען, און ס׳איז ניט קיין שפאס:
איך וויים אין יעדער גאס
די הייזער פון די שענסטע, רייכסטע לייט.
און וואלסט דו זעהן ווי איך פארברענג דארט גוט די צייט.
א התונה, א מאלצייט, — וואו עס איז
בין איך די ערשטע דארט געווים.
איך עס פון שעהנסטען פארצעליי אלצדינג,
און טרינק
די בעסטע, טייערסטע געטראנקען
פון זילבער און קריסטאל.
נאך פריהער פון די געסט פארזוך איך אלעמאל
פון אלע שפייזען וואס מען דארף צום טיש דערלאנגען.
און שעהנע פרויען ליעבענדיג — רוה איך זיך אפ
גאר פראנק און פריי אויף זייער האלז און אויפ׳ן קאפ...“
—„איך וויים דאס אלץ“—האט איהר די ביהן ערקלערט—
„נאר דאך האב איך געהערט,
אז אומעטום
אוואו דו קומסט נאר — קוקט מען אויף דיר קרום.
און מיט בזיונות טרייבט מען דיך גאנץ אפט פון הויז!“
—„איז וואס?“—האט אפגעענטפערט איהר די פליעג,
„מען טרייבט פון פענסטער מיך ארוים —
פליה איך פון טיר אריין צוריק!...“

אויב פאר דעם וואגען צו האבען אנדערע מיינונגען ווי די אנגענומענע באשטראפט מען מיט צוואנציג יאהר טורמע, דארף טארקוועמאדא איבערדרעהען זיך אין זיין קבר פון פארדרוס, וואס אנדערע האבען איהם איבערגעיאגט.

* * *

שלעכט מוז עס שוין האלטען מיט די דייטשע יונקערס, ווען זיי לאזען זיך שוין אויף איינציגע אונגעזעצליכע טעראריסטישע אקטען.

פרעגט אייער טאן ווען וועט ער אייך מיטנעמען צום מיטינג און פארשלאגען אייך אלס מעמבער?

* * *

דער פלאן פון א קאאפעראטיווער פארם פאר די ארויסגעקומענע געזונטערע פריינד פון סאניטאריום דארף נישט פאטענטירט ווערען נאר פון בר. 64 אליין. עס מעגען זיך דערצו א נעם טאן אויך אנדערע אגרעסיווע ברענטשעס, כאטש מיר וועלען מעגען געדענקען וועמען עס קומט דערפאר אנערקענונג...

לערנט זיך אויס צו בעאיינפלוסען, צו איבערציינען. נעמט איין מעמבערס אין א. ר.!

# זיצונגען פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע א.ר.

דער רעגולער מאָנאַטליכער מיטינג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע פון אַרבייטער רינג ווערט ערעפענט זונטאַג, דעם 2טען פעברואַר, אום 10 אוהר פריה, פון טשערמאַן פריינד אב. עפשטיין.

## צושריפטען

פון בר. 3, 4, 6 — בעטען צו באַוויליגען פאַר די ברוקלינער ברענטשעס אַ באַזונדערע טעריטאָריע פאַר דער קאָנפערענץ צו ערוועהלען דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאַן. — נאָך אַ קורצער דעבאַטע ווערט באַשלאָסען זיי ענטפערן, דאָס אַזוי־ווי פאַר די ברענטשעס פון האַרלעם און בראָנקס ווערען באַזונדערע טעריטאָריעלע קאָנפערענצען ניט געגעבען, קען אויך מיט די ברוקלינער ברענטשעס קיין אויסנאַהם ניט געמאַכט ווערען.

פון נייטשאָנאַל אָפיס פון דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי — לאַדען איין צו זיין פאַרטראַטען ביי דער נאַציאָנאַלער קאָנוועַנשאַן פון אַרבייטער־אָרגאַניזאַציאָנען, וואָס ייעט צוזאַמענגערופען ווערען אין שיקאַגאָ דעם 1טען מאַי צו פאַרהאַנדלען די פראַגע וועגען אַמנעסטיע פאַר אַלע פּערזאָנען וואָס זיינען פאַראורטיילט צוליעב פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און רעליגיעזע אנגעלעגענהייטען. — ס'ווערט באַשטימט אָנצונעהמען די איינלאַדונג און ערוועהלען אַ פאַרטרעטער צו דער קאָנווענשאַן ביי איינעם פון די נעקסטע מיטינגען פון דער עקזעקוטיוו.

פון בר. 513, נאָרפאָלק, ווירדזשיניא — בעטען צו שיקען אַ פאַרטרעטער צו זייער 5טען יעהריגען יובילעאום, דעם 23טען פעברואַר, ווייל זיי ערוואַרטען צו קאָלעקטירען עטליכע הונדערט דאָלאַר פאַר די מלחמה קרבנות ביי זייער באַנקעט. — באַשלאָסען איבערגעבען דעם צושריפט צו דער נאַצ. אָרג קאָמיטע.

פון בר. 63, קענסעס סיטי, מיזורי — פאַרלאַנגען אַ פאַרטרעטער צו זייער 15טען יעהרליכען יובילעאום, דעם 16טען מערץ. זיי ערקלערען, אַז זיי ווילען אויסניצען די פייערונג פון יובילעאום פאַר אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבייט צוצוציהען נייע מיטגליעדער אין ברענטש. — באַשלאָסען איבערגעבען דעם צושריפט צו דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס־קאָמיטע.

פון בר. 276, פּאַסייאיק, נ. דזש. — בעטען ו שיקען אַ פאַרטרעטער צו זייער 10טען יעהרליכען יובילעאום, וואָס וועט געפייערט ווערען דעם 30טען מערץ. — באַשלאָסען באַוויליגען זייער פאַרלאַנג און ערוועהלען אַ פאַרטרעטער ביי'ם נעקסטען מאָנאַטליכען מיטינג.

פון די נייטשאָנאַל באָארד און דירעקטאָרס — שרייבען פאָלגענדעס:

ביי אונזער לעצטען צוזאַמענפאָהר האָבען מיר פאַרהאַנדעלט די פאָלגענדע 3 קייסעס געגען אייערע ענטשיידונגען:

בר. 330 האָט אַפּעלירט געגען דער גריוועַנס קאָמיטע, אַנקלאָגענדיג זיי אַז זיי האָבען ענטשיעדען זייערע אַ קייס באַגרינדענדיג זיך נור אויף די אויסזאָגונגען פון מעמבערס פון זייער ברענטש, וועלכע זיינען ניט ערוועהלט געוואָרען זייער שטאַנדפונקט צו פאַרטרעטען.

מיר האָבען ענטשיעדען דאָס די גריוועַנס קאָמיטע זאָל נאָכאַמאָל אויפנעהמען די קייס, ווייל אַ ברענטש איז בארעכטיגט צו ווערען אויסגעהערט פון דער גאַנצער גריוועַנס קאָמיטע דורך זייערע אָפּיציעלע פאַרטרעטער.

בר. 181 האָט אַפּעלירט געגען דער ענטשיידונג פון דער גריוועַנס קאָמיטע אין באַצוג זייער ענטשיידונג אין אַ געוויסער קראַנקען קייס, אין וועלכער זיי האָבען ענטזאַגט בענעפיט, ווייל דאָס איז אַ ספּעציעלע פרויען־קראַנקהייט. עס איז שוין נאָך די געזעצליכע 30 טעג און מיר האָבען געזעצליך דערפאַר די קייס ניט געקאָנט אויפנעהמען און אַליין האַנדלען. אָבער אַזוי ווי פר. שקלאַווין, דירעקטאָר פון דעפּאַרטמענט, האָט אונז ערקלערט אַז דאָס איז ניט קיין ספּעציעלע פרויען־קראַנקהייט, האָבען מיר באַשלאָסען אייך צו רעקאָמענדירען איהר זאָלט די קייס נאָכאַמאָל אויפנעהמען און אָנפרעגען ביי נאָך ספּעציאַליסטען, ווייל אויב דאָס איז טאַקע ניט קיין ספּעציעלע פרויען־קראַנקהייט דאַרף דער מעמבער ניט פאַרלירען זיין געזעצליכע בענעפיט.

מיר האָבען ערהאַלטען אַן אַפּיעל פון בר. 80 געגען דער ענטשיידונג פון דער גריוועַנס קאָמיטע אין באַצוג זייערע אַ מעמבערין, וועלכע איז משוגע. די געזעצליכע 30 טעג זיינען שוין פאַראיבער, דאָך האָבען מיר זייער אַפּיעל אויפגענומען דערפאַר, ווייל די קאָמיטע האָט אונז צוגעשיקט אייערען אַ צושריפט, „אַז זיי קאָנען אַפּעלירען צו דער נייטשאָנאַל באָארד און דירעקטאָרס, וועלכע וועט מיטען אָנפאַנג יאַנואַר.“ זיי האָבען גע'טענה'ט אַז צוליעב דיעזען צושריפט זיינען זיי פאַרפיהרט געוואָרען און ניט געוואוסט אַז זיי דאַרפען דעם אַפּיעל אַריינשיקען פריהער און — ווי דער צושריפט לויטעט — זיי זיינען געקומען פּערזענליך אַפּעלירען.

מיר וועלען אייך לאָזען אין גיכען וויסען ווען דער טריועל וועט פאָרקומען, פאָרלויפיג ווילען מיר אייך בעטען צו זיין אין דער צוקונפט מעהר פאָרזיכטיג, כדי אונז זאָל דאדורך ניט אויסקומען צו האַנדלען געגען דער קאָנסטיטושאָן און אויפנעהמען אַפּיעלס נאָך די געזעצליכע 30 טעג.

פון בר. 2 — [illegible] איין צוויי פאַרטרעטער צו זיין 20 יעהריגען יובילעאום, וואָס וועט געפייערט ווערען דעם 23טען פעברואַר. ערוועהלט פריינד גוסקין און שפּינראַד.

פון דער סענטראל פעדעריטעד יוניאָן, ניו יאָרק — בעטען צו העלפען דער ווימענס טרייד יוניאָן ליעג און אויך אָנשליסען זיך אַלס מעמבער פון דער ליעג מיט דיוס פון 6 דאָלאַר אַ יאָהר. — באַשלאָסען דעם בריעף צו פיילען.

פון בר. 47 און בר. 290, עליזאַבעטה, נ. דזש. — ביידע ברענטשעס וועלען געמיינשאַפטליך פייערען זייער יובילעאום (דער ערשטער זיין 15 יעהריגען און דער צווייטער זיין 10 יעהריגען יובילעאום), זונטאַג, דעם 9טען פעברואַר, און זיי לאַדען איין צוויי פאַרטרעטער. — באַשלאָסען אָננעהמען זייער איינלאַדונג. ערוועהלט פריינדע דאַווידאָף און יעלין.

פון בר. 185, ניו יאָרק — לאַדען איין צוויי פאַרטרעטער צו זייער באַנקעט, שבת אבענד, דעם 22טען פעברואַר, צו וועלכער געלעגענהייט עס וועט אויך אינסטאַלירט ווערען דער 100סטער מעמבער. — באַשלאָסען באַוויליגען זייער פאַרלאַנג. ערוועהלט פריינדע וויינבלאַט און פערלשטיין.

פון דער קאָמיטע, וועלכע איז ערוועהלט געוואָרען ביי דער מוני קאָנווענשאָן, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין שיקאַגאָ מיט פאַרטרעטער פון פאַרשיעדענע אַרבייטער־אָרגאַניזאַציאָנען — זיי בעטען טעלעגראַפיש צו באַוויליגען זייער פאַרלאַנג. פר. עפשטיין ערקלערט, אַז איניגע פון זיי האָבען זיך דורכגערעדט מיט איהם פערזענליך און געבעטען, אַז די נאַצ. עקזעקוטיוו זאָל אינדאָרסירען די באַשלוסען פון זייער קאָנווענשאָן און אויפפאָדערען די אַרבייטער רינג מעמבערס, וואָס באַלאַנגען צו יוניאָנס, אַז זיי זאָלען ביי די מיטינגען פון זייערע יוניאָנס די פראַגען אונטערשטיצען. די באַשלוסען באַשטעהען:

1. זעהן צו ווירקען, אַז דער קאָנגרעס און דער פּרעזידענט זאָלען באַנוצען זייער מאַכט און די אַלע אָנגעקלאָגטע און פאַראורטיילטע אין דיעזער קייס אַרויסנעהמען פון דער יורישדיקציאָן פון קאַליפאָרניע סטייט און נעהמען זיי אונטער דעם רשות פון דער פעדעראַלער רעגיערונג, וועלכע זאָל באַשטימען אַ נייעם געריכט און געבען אַ מעגליכקייט די אַלע אָנגעקלאָגטע און פאַראורטיילטע צו באַווייזען זייער אונשולד.

2. אויב דאָס אַריינמישען זיך פון דער פעדעראַלער רעגיערונג וועט קיינע רעזולטאַטען ברענגען, דאַן זאָלען די אַרבייטער באַנוצען זיך מיט זייער לעצטען און ווירקזאַמען מיטעל, מיט דעם גענעראַל סטרייק, אום צו צייגען די אַלע שונאים פון אַרבייטער־קלאַס, אַז די אַרבייטער זיינען גרייט צו ברענגען דעם גרעסטען קרבן פאַר זיך, וועלכע זיי דענקען פאַר גערעכט און יושר'דיג. די אַרבייטער פאָדערען גערעכטיגקייט פאַר מוני'ן און זיינע חברים, און גערעכטיגקייט מוז מען זיך דערשלאָגען מיט אַלע מיטלען, וועלכע דער אַרבייטער־קלאַס קען נאָר האָבען אין זיין באַזיץ.

דער דזשענעראַל סטרייק איז באַשטימט אויף דעם 4טען דזשולאַי 1919 און גאָר אין קורצען וועלען אַלע מעמבערס פון אַלע יוניאָנס דאַרפען וועגען דעם שטימען אין זייערע באַטרעפענדע לאָקאַלס.

עס ווערט באַשטימט צו באַוויליגען זייער פאַרלאַנג און אַרויסשיקען וועגען דעם אַ צושריפט צו די ברענטשעס, אויך אַנאָנסירען דאָס אין דער פרעסע.

## ראַפּאָרט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע

פריינד גוסקין, טשערמאַן פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע, באַריכטעט, אַז אַ פרוי פון אַ געוויסען מעמבער איז געקומען אין סאַניטאַריום, אַריינגענומען צו ווערען אַלס באַצאָהלטע פּאַציענטין, איידער זי האָט אָנגעפרעגט אין אָפיס צי עס איז דאָ פּלאַץ, און אויך ניט אַריינשיקענדיג פריהער דעם מעדיקאַל רעפּאָרט, צו זעהען אויב זי איז אַ פּאַסענדע קייס פאַר'ן סאַניטאַריום. אַזוי ווי זי איז שוין געווען אויף די גראַונדס, האָט דער פאַרטרעטער פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע, וועלכער איז גראַדע דאָרט געווען, געגעבען די צושטימונג, אַז זי זאָל אַריינגענומען ווערען. עס איז די שולד פון די ברענטשעס וואָס זיי שיקען גלייך אין סאַניטאַריום פּאַציענטען, איידער זיי האָבען די צושטימונג פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע. די קאָמיטע וועט זיין געצוואונגען ניט אַריינצולאָזען אַזעלכע פּאַציענטען אין דער צוקונפט, איידער זיי געהן דורך די נויטיגע מעדיציניסטע אונטערזוכונג און קומען נאָך די אַנדערע רולס.

אַן עהנליכער פאַל איז געווען מיט אַ צווייטען ברענטש פון לואיזיאַנא סטייט. זיי האָבען אָנגעפרעגט אין אָפיס צי עס איז דאָ פּלאַץ פאַר אַ באַצאָהלטע פּאַציענטין, אַ פרוי פון זייערען אַ מעמבער. מען האָט זיי גלייך געענטפערט טעלעגראַפיש, אַז די באַטרעפענדע מוז פריהער אונטערזוכט ווערען פון אַ דאָקטאָר, און דער אויסגעפילטער מעדיקאַל רעפּאָרט דאַרף פריהער צוגעשיקט ווערען אין אָפיס, אום צו קענען אורטיילען אויב זי איז אַ פּאַסענדע קייס. דערווייל אָבער זאָל זי אין סאַניטאַריום ניט געשיקט ווערען. אין איניגע טעג אַרום שרייבט ווייעדער דער ברענטש, דאָס אַזוי ווי די פרוי איז ערנסט קראַנק, שיקען זיי זי גלייך אין ניו יאָרק. ווען זי איז אין ניו־יאָרק געקומען, האָט זי זיך אַרויסגעצייגט צו זיין אַן אַדוואַנסט קייס. אויף דער רעקאָמענדיישאָן פון אונזער אַדמיטינג דאָקטאָר איז זי אַריינגענומען געוואָרען אין אַ שטאָדטישען האָספּיטאַל, וואו זי איז אין איניגע טעג אַרום געשטאָרבען.

אַ צושריפט איז אַרויסגעשיקט געוואָרען צו אַלע ברע[illegible]

סער ניו יארק, אין וועלכען מען האט זיי געלאזט וויסען אז עס איז באשטימט געווארען אוועקצוגעבען דעם איינקונפט פון דעם סאניטאריום־טאג פאר אונזער 25 טויזענד דאלאר רעליעף פאנד. די ברענטשעס זיינען אויך אויפגעפאדערט געווארען צו מאכען אונטערנעהמונגען אין פארבינדונג מיט דיעזען יום־טוב.

אין ניו יארק ווערט אראנזשירט א גרויסע פייערונג פון סאניטאריום־טאג, אויף דיענסטאג אבענד, דעם 13טען פעברואר, אין סענטראל אפערא הויז, וואו עס וועלען זיך באטייליגען: סעמועל גארדנער, פיעדעל שפיעלער; מיסס מארגארעט טיילאר, סופראנא; דער ארביטער רינג סימפאני ארקעסטער, אונטער דער לידערשאפט פון מאקס דזשייקאבס; מאררים שווארץ, דער טאלאנטפולער אקטיאר און קינסטלער צו אימיטירען, און מר. ס. רעמינגטאן, פון דער באסטאן אפערא קאמפאניע. טיקעטס פאר דער אונטערנעהמונג זיינען פאנאנדערגעשיקט געווארען צו די ניו־יארקער ברענטשעס פריי, אויפפאדערנדיג זיי צו מאכען ביי דער געלעגענהייט קאלעקשאנס צווישען די מעמבערס, און אויך בייצושטייערען פון זייערע אייגענע קאסעס אזוי פיעל, וויפיעל עס איז מעגליך, פאר אונזער 25 טויזענד דאלאר רעליעף פאנד.

לעצטענס האבען מאנכע פאציענטען זיך געמאכט א מאדע צו קומען צו די מאלצייטען נאך דער באשטימטער צייט. אזוי ווי די פאציענטען דארפען פיהרען א נארמאלען סיסטעמאטישען לעבען, און אזוי ווי דאס קען אויך שטערען די דיסציפלין צווישען די איבריגע פאציענטען, איז דער דאקטאר באאויפטראגט געווארען צו האבען א רעקארד פון די פאציענטען, וועלכע קומען ניט אריין אין צייט, און שריטע זאלען געגען זיי גענומען ווערען דאס אין דער צוקונפט צו פארמיידען.

דער סאניטאריום יום־טוב אין סאניטאריום איז דיעזען יאהר אראנזשירט אויף שבת אבענד, דעם 8טען פעברואר. די סאניטאריום קאמיטע לאדעט איין צו שיקען דעם טשערמאן פון עקזעקוטיוו קאמיטע צו דעם יום־טוב.

פר. גוסקין ערקלערט, אז א געוויסער פאציענט, וועלכער איז געווען בלויז צוויי וואכען אין סאניטאריום, האט אליין פארלאזען דעם אנשטאלט, ניט קוקענדיג דערויף וואס דער מעדיקאל דירעקטאר, דר. ל. ראזענבערג, האט איהם ניט ערלויבט אוועקצופאהרען. לויט דעם באשלוס פון קאנווענשאן און לויט די פריהעריגע פיהרונגען ווערט אזא פאציענט אויטאמאטיש אויסגעשלאסען. דער זעלבער פאציענט איז אין צוויי טעג ארום צוריקגעקומען אין סאניטאריום, ניט ווארטענדיג אויף דער ערלויבניש פון דאקטאר. דער דאקטאר האט איהם געלאזט איבערנעכטיגען אין סאניטאריום און אויפ'ן צווייטען טאג איהם ערקלערט, אז ער מוז פארלאזען דעם אינסטיטושאן ביז די סאניטאריום קאמיטע וועט וועגען דעם האנדלען. מיט דריי טעג שפעטער איז ער ווידער געקומען אין סאניטאריום און איז צוזאמען מיט אלע פאציענטען אריין 'אין עס־צימער פאר מיטאג, ניט אנפרעגענדיג זאגאר ביי'ם דאקטאר, אבוואהל ער האט געוואוסט, אז ער איז פארלויפיג אויסגעשלאסען. פארשטענדליך, אז מען האט איהם דאס מאלצייט ניט ענטזאגט; אבער נאך מיטאג האט דער דאקטאר איהם ערקלערט, אז ער קען אין סאניטאריום ניט זיין. די סאניטאריום קאמיטע איז מיט דער מיינונג, דאס אזא אויפפיהרונג וועט מאכען הפקר דעם גאנצען סאניטאריום, די פאציענטען וועלען אוועקגעהן און צוריקקומען, ווען זיי וועלען און די קורירונג וועט אויף אזא אופן ניט האבען די געווינשטע ווירקונג אויף צו פארבעסערען געזונד. די סאניטאריום קאמיטע האט דארום באשטימט צו האלטען זיך אן דעם באשלוס פון קאנווענשאן און פאררעכנען דעם באטרעפענדען אלס אויטאמאטיש אויסגעשלאסען. די סאניטאריום קאמיטע האט אויך באשטימט צו ברענגען פריהער די פראגע צו דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו, איידער ס'ווערט געגעבען דער לעצטער ענטפער צום ברענטש, וואו דער באטרעפענדער באלאנגט.

פריינד גוסקין באריכטעט, אז די 'קעכין איז אוועקגעגאנגען און א מאן א קוכער איז אנגעשטעלט געווארען אויף איהר פלאץ.

דער נייער פלאאר אין קיטשען איז ניט געמאכט געווארען ווי געהעריג און פריינד שאפירא, דער קאנטראקטאר, האט איינגעוויליגט דעם גאנצען פלאאר איבערצומאכען.

די מעדיקאל אדווייזארי באארד האט היינט איהר יעהרליכען מיטינג אין סאניטאריום. די דאקטוירים פון דער מעדיקאל באארד קומען זיך צוזאמען איין מאל א יאהר, אום צו זעהן, ווי דער סאניטאריום ווערט געפיהרט און וועלכע אויסבעסערונגען עס קענען געמאכט ווערען.

פאציענט וויססמאן, וועלכער איז געווען א לעהרער ביי פראפעסיאן, פיהרט יעצט א קלאס אין ענגליש פון פאציענטען. דער קלאס ווערט געפיהרט סיסטעמאטיש דריי מאל א וואך.

מיסס ברעגער, די מייטראן, וועלכע איז מיט עטליכע מאנאטען צוריק אנגעשטעלט געווארען, לעבט זיך אלץ מעהר איין מיט די פיהרונגען פון סאניטאריום און איהר ארבייט איז צופריעדענשטעלענד.

---

די נאציאנאלע עקזעקוטיוו באשטימט צו האלטען זיך אן דעם באשלוס פון קאנווענשאן, אז פאציענטען, וואס פארלאזען דעם סאניטאריום אהן דער צושטימונג פון דאקטאר, זאלען פון סאניטאריום אויסגעשלאסען ווערען. דער באטרעפענדער פאציענט, וועגען וועלכען ס'איז ראפארטעט געווארען, זאל דארום אין סאניטאריום צוריק ניט אריינגענומען ווערען.

**עס ווערט באשלאסען צו שיקען דריי פארטרעטער צום סאניטאריום** יום־טוב אין ליבערטי. ערוועהלט פריינדע אב. עפשטיין, א. דינערשטיין און ב. וואלאוויץ.

דער ראפארט פון דער סאניטאריום קאמ. ווערט דאן גוטגעהייסען.

* * *

פריינד ל. ראטהמאן ערקלערט, אז די א. ר. מאיר לאנדאן קאמפיין קאמיטע האט 157 דאלאר, וואס איז געבליבען נאכ'ן קאמפיין, און זיי פארלאנגען, אז די נאצ. עקזעקוטיוו זאל באשטימען צו האלטען די סומע אין דזשענעראל אפיס פון א. ר. ביז'ן נעקסטען קאנגרעשאנאל קאמפיין פון 12טען דיסטריקט. — ס'ווערט באשטימט דאס געלד אין דזשענעראל אפיס ניט אנצונעהמען. די עקזעקוטיוו דריקט דערביי אוים איהר ווונש, אז די א. ר. מאיר לאנדאן קאמפיין קאמיטע זאל די סומע איבערגעבען צו לאקאל ניו יארק סאצ. פארטיי

## קאמיטעס

פון בר. 3 — זיי פארלאנגען, אז מען זאל באוויליגען פאר די ברוקלינער ברענטשעס א באזונדערע טעריטאריעלע קאנפערענץ צו ערוועהלען דעלעגאטען צו דער קומענדער קאנווענשאן. — דער טשערמאן ערקלערט דער קאמיטע דעם באשלוס, וואס איז געפאסט געווארען, ווען ס'איז פארגעלעזען געווארען זייער צושריפט, ווי אויך די צושריפטען פון בר. 4, 6 וועגען דער זעלבער אנגעלעגענהייט.

פון בר. 52 — בעטען צו שיקען א רעדנער צו זייער מאסמיטינג און קאנצערט, דעם 22טען פעברואר, וואס איז אראנזשירט פאר דעם צוועק צו שאפען געלד פאר'ן 25 טויזענד דאל. רעליעף פאנד. — באשטימט צו באוויליגען זייער פארלאנג. ערוועהלט פריינד דינערשטיין.

פון בר. 210 — לאדען איין צו שיקען א רעדנער צו זייער פארזאמלונג, אראנזשירט פאר'ן 15טען פעברואר. ערוועהלט פריינד אב. עפשטיין.

פון בר. 256 — לאדען איין צוויי פארטרעטער צו זייער 10טען יעהרליכען יובילעאום, וואס וועט געפייערט ווערען דעם 1טען מערץ.— ערוועהלט פריינדע עפשטיין און גאלדינג.

* * *

פריינד סילווערמאן באריכטעט, אז פריינד צוקער און ער זיינען געווען פארטראטען ביי דער קאנפערענץ פון דער נייטשוראליזיישאן אייד ליעג, וואו ס'זיינען געווען פארטרעטער פון ארום 100 ארגאניזאציאנען, פון וועלכע 76 זיינען געווען א. ר. ברענטשעס. פון דעם ראפארט האט זיך ארויסגעצייגט, אז 180 א. ר. ברענטשעס צאהלען דיוס צו דער נייטשוראליזיישאן אייד ליעג. די ליעג האט אין פארלויף פון יאהר אטענדעט צו ארום 5000 אפליקיישאנס פאר סיטיזענשיפ און געהאט ארום 6,000 דאלאר אויסגאבען. — ביי דער קאנפערענץ איז אנגענומען געווארען א רעזאלוציאן געגען באשרענקונג פון אימיגראציע. — באריכט ווערט גוטגעהייסען.

פריינד עפשטיין באריכטעט, אז ער איז געווען פארטראטען ביי'ם קאנצערט און באל פון בר. 280 און זיי באגריסט אין נאמען פון דער עקזעקוטיוו קאמיטע. די אונטערנעהמונג איז געווען ערפאלגרייך און זיי וועלען דערפון האבען ארום 150 דאלאר פאר'ן רעליעף פאנד.

ער איז אויך געווען פארטראטען ביי בר. 315, בארא פארק. זיי האבען דורך זייער אונטערנעהמונג געשאפען ארום 400 דאלאר פאר אונזער 25 טויזענד דאלאר רעליעף פאנד.

ער איז אויך געווען ביי דער אונטערנעהמונג פון בר. 132. זיי האבען דאמאלס אריינגענומען 12 נייע מעמבערס און 14 זיינען פארגעשלאגען געווארען. זיי האבען אין ברענטש א מאראלען פלעדזש צו געבען צו דאלאר פער מעמבער פאר'ן רעליעף, אבער פיעלע האבען געגעבען צו 5 און צו 10 דאלאר. דער ברענטש וועט שאפען ארום 2—3 הונדערט דאלאר פאר'ן רעליעף.

לעצטען מאנאט איז ער געווען פארטראטען ביי די זיצונגען פון דער נאצ. באארד אוו דירעקטארס און ביי זיי ראפארטעט. זיי האבען אויסגעדריקט צופריעדענהייט מיט דער טעטיגקייט פון דער נאצ. עקזעקוטיוו קאמיטע.

אין דער צייט פון סטרייק פון די אמאלגאמייטעד קלאדינג וואירקערס האבען איינינגע עקז. מיטגליעדער זיך דורכגערעדט מיט טוער פון דער אמאלגאמייטעד צו זעהן וואס דער א. ר. קען טון צו העלפען דעם סטרייק. די אמאלגאמייטעד קלאדינג וואירקערס זיינען געווען צופריעדען דערמיט, וואס דער א. ר. אינטערעסירט זיך מיט זייער סטרייק אבער קיין פינאנציעלע שטיצע האבען זיי ניט פארלאנגט. עס איז דאן ארויסגעשיקט געווארען א צושריפט צו די ניו יארק ברענטשעס פון א. ר., אז זיי זאלען שטיצען זייערע מעמבערס וועלכע זיינען סטרייקענדע אמאלגאמייטעד קלאדינג וואירקערס. — באריכט ווערט גוטגעהייסען.

פריינד פערלאוויץ באריכטעט, אז פריינד גוסקין און ער זיינען געווען ביי דער סעמעטערי קאמיטע וועגען דער לאקאל סעמעטערי פון בר. 149. דער טשערמאן פון סעמעטערי דעפארטמענט האט ערקלערט, אז ביי זיי איז דא א באשלוס אפצוקויפען די סעמעטערי פון בר. 149 און דער לעצטער האט פארשפראכען צו ערוועהלען א קאמיטע די פראגע מיט זיי צו פארהאנדלען. פארלויפיג אבער האט בר. 149 נאך ניט ערוועהלט אזא קאמיטע. — פריינד גוסקין גיט צו, אז צוליעב דעם וואס די ערשטע קאמיטע וואס איז ערוועהלט געווארען פון בר. 149 איז ניט געקומען צו קיין פארשטענדניס מיט דעם סעמעטערי דעפארטמענט, האט דער לעצטער באשלאסען צו ברענגען די פראגע צו דער נעקסטער קאנפערענץ פון סעמעטערי דעפארטמענט. — דער בא־

ריכט ווערט גוטגעהייסען און ס'ווערט באשלאָסען צו ענטפערן בר. 149 אין דעם זין, ווי ס'איז ראַפּאָרטעט געוואָרען.

פריינד פערלאָוויץ באריכטעט פון אידישען אַרבייטער קאָנגרעס. ער דייטעט אָן, אַז דער קאָנגרעס האָט ניט ערפילט די ערוואַרטונגען, וועלכע מען האָט אויף איהם געלעגט. דער צענטער פון אויפמערקזאַמקייט איז געווען די פּאַלעסטינא פראַגע, איבער וועלכער עס איז געווען אַ מאַיאָריטעט און מינאָריטעט רעזאָלוציאָן. דער גאַנצער אונטערשיעד איז געווען וואָס די מאַיאָריטעט רעזאָלוציאָן האָט ענטהאַלטען דעם אויסדרוק: אַ נאַציאָנאַלע היים — און די מינאָריטעט רעזאָלוציאָן האָט געפאָדערט נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע. מעהרסטע פון די אַ. ר. דעלעגאַטען האָבען געשטימט פאַר דער מינאָריטעט רעזאָלוציאָן. פריינד אב. עפּשטיין, דער טשערמאַן פון דער עקזעקוטיווו, האָט געשטימט פאַר דער מאַיאָריטעט רעזאָלוציאָן. עס איז אויך באשלאָסען געוואָרען, אַז די פריהעריגע נאַצ. אַרבייטער קאָמיטע זאָל בלייבען די פּערמאַנענטע קאָמיטע פון אידישען אַרבייטער קאָנגרעס. — באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

## סעקרעטער'ס ראַפּאָרט

פריינד באַסקין, דזשענעראל סעקרעטער, באריכטעט, אַז ביידע קאַמפּיינס — פאַר 75 טויזענד מעמבערס און 25 טויזענד דאָלאר פאַר'ן רעליעף — ווערען געפיהרט אויף אַ גלענצענדען אופן. ס'איז קיין איין ברענטש ניטאָ, וואָס זאָל ניט זיין טעטיג אין איינעם פון די צוויי קאַמפּיינס.

אין מאָנאַט יאַנואַר אַליין זיינען אַריינגעקומען אַרום 3600 נייע מיטגליעדער.

פאַר דעם רעליעף פאָנד איז יעצט פאַראַן אין אָפיס אַרום 8,000 דאָלאר, אָבער די מעהרסטע ברענטשעס האָבען נאָך ניט צוגעשיקט זייערע געלדער.

די מיטגליעדערשאַפט איז יעצט 67,200, און אויב דער מעמבערשיפּ קאַמפּיין וועט פון די ברענטשעס ווייטער אַנגעפיהרט ווערען אַזוי ענערגיש און אינטענסיוו, וועלען מיר זיכער האָבען 75 טויזענד מיטגליעדער ביז'ן קאָנווענשאָן.

בענעפיט סערטיפיקייטס קומען נאָך אַלץ אַריין אין אָפיס אין אַ היבשער צאָהל און עס וועט וואַרשיינליך דעם מאָנאַט אויסגעצאָהלט ווערען אַרום דאָבעל די סומע, וואָס ווערט געוועהנליך אויסגעצאָהלט.

די אָפיס קאָמיטע האָט באשלאָסען צו לייהען 25 טויזענד דאָלאר פון דער טשאַטהעם און פעניקס נייש'אָנאַל באַנק, ווייל די ברענטשעס וועלען מעהרסטענס צאָהלען דיעזען קוואָרטאַל זייערע דיוס מיט קרעדיטס פאַר בענעפיט און דער אָפיס וועט אויף אַזאַ אופן ניט האָבען גענוג קעש.

גענ. הערמאַן שליטער, רעדאַקטאָר פון דער „פאָלקסצייטונג", איז געשטאָרבען. פר. באַסקין רעקאָמענדירט צו שיקען אַ טרויער־רעזאָלוציאָן צו שליטער'ס פאַמיליע. — די רעקאָמענדיישאָן ווערט אָנגענומען.

מר. עלדרידזש, אונזער עקטשוערי, אַרבייט יעצט אויס דעם ראַפּאָרט פאַר'ן מאַסאַטשוזעטס אינשורענס דעפּאַרטמענט.

פר. באַסקין דייטעט אָן, אַז מען דאַרף ערוועהלען פאַרטרעטער צו דער קאָנפערענץ פון 16טען פעברואַר, וואו ס'וועט געשטימט ווערען איבער קאַנדידאַטען פאַר דער עקזעקוטיווו פון 1919-1920, און אויך צו דער קאָנפערענץ פון 23טען פעברואַר, וואו ס'וועלען ערוועהלט ווערען דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאָן פון ניו־יאָרקער ברענטשעס.

עס ווערט באשלאָסען צו ערוועהלען דעלעגאַטען צו די קאָנפערענצען ביי דעם נעקסטען מיטינג.

ראַפּאָרט פון סעק. ווערט גוטגעהייסען.

---

פריינד דינערשטיין באריכטעט, אַז די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט אָנגענומען דעם פּלאַן פון לעצטען יאָהר פאַר די טעריטאָריען־קאָנפערענצען. ס'זיינען בלויז געמאַכט געוואָרען פאָלגענדע ענדערונגען:

אַ באזונדערע טעריטאָריע איז געגעבען געוואָרען פאַר נואַרק צוזאַמען מיט איניגע אַרומיגע שטעדטלעך און זיי וועלען זיין באַרעכטיגט צו 5 דעלעגאַטען.

טרענטאָן, נ. דזש., וועט אויך האָבען אַ באזונדערע טעריטאָריעלע קאָנפערענץ.

דער באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

* * *

עס ווערט באשטימט צו שיקען צוויי פאַרטרעטער צו דער עקזעקוטיווו פון לייבאָר ליעג, אום זיך דורכצורעדען מיט זיי וועגען איניגע פראַגען. אַלס פאַרטרעטער ווערען ערוועהלט פריינדע עפּשטיין און ווייגבערג.

* * *

ס'ווערט באשלאָסען צו האָבען אַ פאָרזעצונג פון דעם מיטינג מיטוואָך אבענד, דעם 5טען פעברואַר.

---

אַ פאָרזעצונג פון דעם מאָנאַטליכען מיטינג ווערט אָפּגעהאַלטען מיטוואָך אבענד, דעם 5טען פעברואַר, מיט פריינד אב. עפּשטיין אַלס טשערמאַן.

## צושריפטען

פון בר. 325 — דריקען אויס דעם פאַרלאַנג, אַז מען זאָל באַוויליגען פאַר די ברוקלינער ברענטשעס אַ באזונדערע טעריטאָריעלע קאָנפערענץ צו ערוועהלען דעלעגאַטען צום קאָנווענשאָן. — פר. געליעבטער ערקלערט, אַז ער האָט זיי גלייך געשיקט שריפטליך דעם באשלוס וואָס די עקזעקוטיווו האָט געפאַסט אין באצוג בר. 3, 4, 6 וועגען דער זעלבער פראַגע.

פון בר. 298, באַלטימאָר — בעטען צו שיקען אַ פאַרטרעטער צו זייער צעהן יעהריגען יובילעאום, וואָס וועט געפייערט ווערען דעם 16טען מערץ. — באשלאָסען האַנדלען וועגען דעם ביי'ם נעקסטען מאָנאַטליכען מיטינג.

## קאָמיטע

פון בר. 30 — זיי אַפּעלירען, אַז מען־זאָל ערלויבען צוריק אַריינצונעהמען אין סאַניטאַריום דעם מעמבער פון זייער ברענטש, וועלכער איז אַוועק פון סאַניטאַריום אָהן דעם דאָקטאָר'ס צושטימונג און איז פאַררעכענט געוואָרען אַלס אויטאָמאַטיש אויסגעשלאָסען. זיי גיבען צו, אַז דער ברענטש אנערקענט, דאָס דער באַטרעפענדער האָט פאַרדיענט די שטראָף אויסגעשלאָסען צו ווערען; "אָבער מען דאַרף זיך רעכנען מיט דעם צושטאַנד, אין וועלכען ער געפינט זיך יעצט, און מיט דעם פאַקט, דאָס ער האָט אַ פרוי און דריי קינדער, און אויב מען וועט איהם אין אונזער סאַניטאַריום ניט אַריינגעהמען, וועט ער דאַרפען אַוועקפאָהרען ערגיץ אין די וועסט און איבערלאָזען זיין פאַמיליע אין גאַנצען הילפלאָז.

די פראַגע ווערט דעבאַטירט און עס ווערט באשלאָסען איבערגעבען נאָך אַמאָל צו דער סאַניטאַריום קאָמיטע צו האַנדלען וועגען דעם.

## ראַפּאָרט פון דער גריוועַנס קאָמיטע

פריינד וויינבלאַט, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באריכטעט, אַז אַ מעמבער פון אַ געוויסען ברענטש האָט אַפּעלירט געגען ברענטש וועגען פאָלגענדעס:

מיט אַ צייט צוריק איז באשלאָסען געוואָרען צו טעקסען די מעמבערס צו 2 דאָלאר יעדען פאַר אַ באַל און אונטערנעהמונג פון ברענטש. נאָכדעם ווי מען האָט קאָלעקטירט פון די מעמבערס האַלב־דאָלארדיגע פאַר איין קוואָרטאַל, האָט מען דעם באַל צוריקגערופען. דער אַפּעלאַנט האָט דארום גע'טענה'ט, אַז אויב דער באַל איז צוריקגערופען געוואָרען, איז דער ברענטש ניט באַרעכטיגט צו קאָלעקטירען די האַלב־דאָלארדיגע. ער האָט אויך ערקלערט, אַז דער ערשטער באשלוס צו טעקסען די מעמבערס מיט 2 דאָלאר איז געפאַסט געוואָרען ביי אַ ספּעציעלען מיטינג, און עס איז ניט געווען קיין ספּעציעלער מיטינג ווען עס איז באשטימט געוואָרען דעם באַל צוריקצורופען. דער סעקרעטער פון ברענטש האָט ערקלערט אַז זייער מעמבערשיפּ באשטעהט מעהרסטענס פון אַ יונגען עלעמענט, פון וועלכע די גרעסטע טייל איז געדרעפטעט געוואָרען אָדער אַרבייט אין די קעמפּס. עס איז דארום ניט געווען קיין זין דעם באַל דורכצופיהרען, און זיי האָבען דארום דעם באַל צוריקגערופען. ער האָט געבראַכט אויסציגע פון זייערע פּראָטאָקאָלען, וועלכע האָבען געצייגט אַז די 50 סענטיגע זאָלען בלייבען אין דער ברענטש קאַסע.

אַזוי ווי דער באשלוס פון ברענטש צו האַלטען די 50 סענטיגע פון די ממעבערס איז ניט געפאַסט געוואָרען ביי אַ ספּעציעלען מיטינג גערופען פאַר דעם צוועק, האָט די גריוועַנס קאָמיטע באשלאָסען אויפטראָגען דעם ברענטש, אַז צו דעם נעקסטען ספּעציעלען מיטינג, וואָס זיי וועלען האָבען, זאָל מען די מיטגליעדער לאָזען וויסען, אַז די פראַגע וועגען די 50 סענט וועט פאַרהאַנדעלט ווערען.

די וויליאַמסבורג טענענטס ליעג האָט אַפּעלירט געגען אַ געוויסען ברענטש, ניט זייענדיג צופריעדען מיט זייער ענטשיידונג אין באצוג זייערען אַ מעמבער, וועלכער האָט געשטערט דעם טענעט סטרייק. "דער מעמבער איז אַ דזשעניטאָר אין אַ הויז, און די טענענטס ליעג האָט גע'טענה'ט, אַז ניט נאָר האָט ער ניט ערלויבט צו פאַרשפּרייטען ליטעראַטור אין פאַרבינדונג מיט דעם סטרייק, נאָר ער האָט אויך געשטערט די טענענטס ליעג און זייערע פּיקעטס. דער ברענטש האָט אָנגעצייגט, אַז דער באַטרעפענדער איז ניט אַ פּערזאָן, וואָס פאַרשטעהט די פּרינציפּען פון קלאַסען־קאַמף, און זיין גאַנצע האַנדלונג איז געווען מעהר אויס אונבאַוואוסטזין ווי אויס שלעכטען ווילען צו שטערען דעם סטרייק. דער ברענטש האָט דעם באַטרעפענדען געפונען שולדיג און איהם שריפטליך געטאַדעלט. די נאַציאָנאַלע גריוועַנס קאָמיטע האָט באשלאָסען די האַנדלונג פון ברענטש גוטצוהייסען.

אַ געוועזענער מעמבער פון אַ געוויסען ברענטש האָט זיך באַקלאָגט אַז ער איז געשטראָכען געוואָרען אין דער צייט ווען ער איז געווען געדרעפטעט אין דער אַרמעע. ער האָט פאַרלאַנגט מען זאָל איהם רעאינסטייטען אַלס אַן אַלטען מעמבער. די גריוועַנס קאָמיטע האָט אַרויסגערופען דעם ברענטש צו געבען אַן ערקלערונג וועגען דעם.

אַ מעמבער, וועלכער איז מיט אונגעפעהר אַ יאָהר צוריק געשטראָכען געוואָרען פון בר. 97 פאַר ניט נאָכקומען די פאָדערונגען פון זיין יוניאָן, האָט זיך יעצט געווענדעט מען זאָל נאָכאַמאָל אויפנעהמען זיין קיים, ווייל ער וויל זיך צוריק אָנשליסען אָן אַרבייטער־רינג. די גריוועַנס קאָמיטע האָט איהם געענטפערט אַז ער זאָל זיך פריהער וועגען דעם ווענדען צום בר. 97.

אַ מעמבער האָט אַפּעלירט געגען דעם באשלוס פון זיין ברענטש פאַר באַשטראָפען איהם מיט 50 דאָלאר. ער האָט ערקלערט אַז ער האַלט אַ לאָנדרי, און די לאָנדרימען אַסאָסיאיישאָן האָט באשטימט אַ סטרייק געגען די סטים לאָנדרים. ער איז געווען געגען דעם סטרייק, ווייל בלויז 25 פּראָצענט פון די לאָנדרילייט האָבען געסטרייקט. ווען ער איז געווען ביי אַ מיטינג פון די לאָנדרימען אַסאָסיאיישאָן, זיינען עטליכע פּיטעקס אַריינגעקומען צו איד [illegible] לאָנדרי און באַגאָסען מיט טינט די וועש, אויף דער ווער[illegible] 75 דאָלאר. ער האָט געפאָדערט פון דער סטרייק קאָמיטע,

זאָלען איהם באצאָהלען פאַר'ן שאָדען. ווען זיי האָבען זיך ענטזאַגט, האָט ער אַרויסגענומען אַ סאַמענס געגען די 4 פיטעקס. ער האָט געוואָלט סעטלען די קייס, אָבער זיי האָבען זיך ענטזאַגט. נאָכהער האָט איהם אַ צווייטער לאונדרימאַן אָנגעקלאָגט אין ברענטש, וועלכער האָט איהם באשטראָפט מיט 50 דאלאר פאַר געהן אין קאָורט. דער סכסוך איז אָבער געשליכטעט געוואָרען צווישען איהם און די לאונדרימען אײדער ער איז אין ברענטש פאַרקלאָגט געוואָרען. די פאַרטרעטער פון ברענטש האָבען גע'טענה'ט אַז מען האָט איהם באשטראָפט ניט אַזוי פיעל פאַר פאַרקלאָגען אין קאָורט יענע 4 פיקעטטס, וועלכע זיינען אויך אַרבייטער רינג מעמבערס, נאָר פאַר ענטזאַגען זיך צו סעטלען די קייס, אין דער צייט ווען דער ברענטש האָט איהם פאַרזיכערט אַז ער נעהמט אויף זיך די פאַראַנטוואָרטליכקייט די אנגעלעגענהייט צו שליכטען. די נאַצ. גריוועגס קאָמיטע האָט באשלאָסען צו פאַרקלענערען זיין שטראָף אויף 5 דאלאר.

וועגען דער פראַגע, וואָס די פילאדעלפיא דיסטריקט קאָמיטע האָט זיך געווענדעט אין באצוג די 35 דאלאר פאַר עמוירדזשענסי אַרבייט, איז באשלאָסען געוואָרען, אַז די סומע זאָל אויסגעצאָהלט ווערען פון אַרבייטער רינג פאָנד.

---

די נאַצ. עקזעקוטיוו באשליסט אומצואוואַרפען דעם באשלוס פון דער גריוועגס קאָמיטע און רייגוואַשען דעם מעמבער, וועמען דער ברענטש האָט אָנפאַנגס באשטראָפט מיט 50 דאלאר. די עקזעקוטיוו איז מיט דער מיינונג, אַז דאָס איז ניט געווען קיין סטרייק פון אַרבייטער, נאָר פון אַ באָסעס אַסאָסיאיישאָן און דער ברענטש האָט זיך אין דער אנגעלעגענהייט ניט געדאַרפט אַריינמישען.

דער ראַפּאָרט פון דער גריוועגס קאָמיטע ווערט דאַן גוטגעהייסען.

## ראַפּאָרט פון דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע

פריינד דינערשטיין, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באריכטעט, אַז בר. 401 האָט זיך פאַראייניגט מיט ברענטש 219. זיי איז געגעבען געוואָרען אַ נייער נומער, און זיי זיינען יעצט ברענטש 61. אויך אין מעין סטייט האָבען זיך פאַראייניגט די ברענטשעס 358, 524, 546.

ווי עס איז שוין לעצטען מאָנאַט ראַפּאָרטעט געוואָרען, איז אַראַנזשירט געוואָרען דורך דער מעין דיסטריקט קאָמיטע אַ טשאַרטער־פּעסט אין איניגע שטעדט פון זייער דיסטריקט, און עס איז באַשטימט געוואָרען דיעזע טשאַרטער־פּייערונג אויסצונוצען פאַר אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבייט. פריינד זאָלצמאַן איז ערוועהלט געוואָרען צו זיין דאָרט פאַרטראָטען.

אַ צושריפט איז אַרויסגעשיקט געוואָרען צו אַלע ברענטשעס, אין וועלכען עס איז אָנגעדייטעט געוואָרען, אַז דער קאמפיין וועט יעצט געפיהרט ווערען פאַר 75 טויזענד מיטגליעדער ביז'ן קאָנווענשאָן, אַנשטאָט פאַר 70 טויזענד. דער מעמבערשיפּ קאמפיין איז פאַרלויפיג' זעהר ערפאָלגרייך, אין ניו יאָרק אַזוי גוט ווי אין אַנדערע שטעדט.

אַ צושריפט איז אויך אַרויסגעשיקט געוואָרען צו די סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס, אויפפאָדערענדיג זיי צו סטימולירען די אַרבייט פאַר דעם מעמבערשיפּ קאמפיין, און אויך פאַר דעם 25 טויזענד דאָלאר רעליעף פאָנד.

דער ניו דזשוירזי דיסטריקט צייגט זיך דיעזען יאָהר אַרויס צו זיין זעהר טעטיג אין דעם היינטיגען מעמבערשיפּ קאמפיין. האָדסאָן און בוירגען קאַונטי קאָמיטע איז איינע פון די דיסטריקט קאָמיטעס אין ניו דזשוירזי, וועלכע מען קען ניט פאַרבייגעהן ניט דערמאָנענדיג זייער טעטיגקייט.

זונטאג דעם 26טען יאַנואַר האָבען זיי אָפּגעהאַלטען אַ קאָנפערענץ פון דעלעגאַטען פון אַלע ברענטשעס פון זייער דיסטריקט. אויפ'ן טאַגעס־אָרדנונג זיינען געווען בײ זיי פאָלגענדע פראַגען:

1) קאָאָפּעראַציאָן; 2) אַרבייטער עדיוקיישאָן; 3). אידישע שולען; 4) אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבייט. עס זיינען געווען 80 דעלעגאַטען און פיעלע געסט, און די גאַנצע קאָנפערענץ האָט געמאַכט אַ זעהר גוטען איינדרוק.

די האָדסאָן און בוירגען קאונטי דיסטריקט קאָמיטע האָט ביי דער קאָנפערענץ זיך פאַרפליכטעט צו שאַפען 15 הונדערט דאָלאר פאַר דעם אַרבייטער רינג 25 טויזענד דאָלאר רעליעף פאָנד, דורך אַ גרויסען קאָנצערט. זיי האָבען אויך באשטימט צו קריגען ניט ווענינער ווי 400 נייע מיטגליעדער אין דער צייט פון דעם מעמבערשיפּ קאמפיין. פר. עפּשטיין איז ביי דער קאָנפערענץ געווען פאַרטראָטען.

די נואַרק דיסטריקט קאָמיטע העלפט אַראַנזשירען אונטערנעהמונגען פאַר די ברענטשעס פון די שטעדטלאַך אין איהר דיסטריקט. די אונטערנעהמונג פון דעם פלוינפיעלד ברענטש איז געווען ערפאָלגרייך, און עס זיינען דעמאָלט אויפגענומען געוואָרען 15 נייע מעמבערס. די ברענטשעס 74 און 299 פון עליזאַבעטה, נ. דזש., פאַראייניגען זיך פאַר געמיינשאַפטליכע טעטיגקייט און ערוואַרטען גוטע רעזולטאַטען פון זייער אַרבייט.

בר. 95 פון פּאָרט עמבאָי האָט געהאַט אַן אונטערנעהמונג, ביי וועלכער זיי האָבען געשאַפען 60 דאלאר פאַר די מלחמה קרבנות.

בר. 90 פון טרענטאָן, נ. דזש., האָט פאַרשפּראָכען ניט נאָר צו שאַפען זייער קוואָטא, נאָר אויך צו קריגען נייע מעמבערס מעהר ווי עס קומט אוים אויף זייער חלק.

די נואַרק דיסטריקט קאָמיטע איז אויך זעהר טעטיג אין דער אַרבייט צו אָרגאַניזירען אַ קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי.

די דעטראָיט דיסטריקט קאָמיטע האָט געלאָזט וויסען, אַז די דאָרטיגע ברענטשעס נעהמען לעצטענס אַריין פיעלע נייע מעמבערס ביי יעדען מיטינג. זיי דענקען צו האָבען 2000 מעמבערס ביז דער קאָנווענשאָן, וועלכע וועט אָפּגעהאַלטען ווערען ביי זיי אין שטאָדט.

עס איז באשטימט געוואָרען צו באוויליגען פאַר פריינד לעוויטאָן, סעקרעטער פון בר. 600, אַ „טריפּ" אין סאַניטאַריום, אַלס אנערקענונג פאַר זיין גוטע אַרבייט, אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם מעמבערשיפּ קאמפיין. פיעל צו פאַרדאַנקען זיין טעטיגקייט האָט בר. 600 לעצטענס אַריינגענומען עטליכע און אַכציג מעמבערס, און זיי האָבען נאָך אַ צאָהל אַפּליקיישאָנס.

אַ געוויסער ברענטש אין לואיזיאַנא סטייט האָט געוואָלט גרינדען אַ פרויען ברענטש פון 3טע קלאַס מעמבערס. פאַרשטענדליך, אַז מען האָט זיי געלאָזט וויסען אַז פרויען פון 3טען קלאַס קענען ניט גרינדען קיין באזונדערען ברענטש, ווייל ביללס פאַר די 3טע קלאַס מעמבערס ווערען צוגעשיקט צו זייערע מענער.

בר. 17 פון ניו הייווען האָט פאַרלאַנגט אַז פריינד אב. עפּשטיין און י. וויינבערג זאָלען זיין פאַרטראָטען ביי זייער 18' יעהריגען יובילעאום, וואָס איז געפייערט געוואָרען דעם 26טען יאַנואַר. ניט האָבענדיג קיין יורידיקציע איבער איינצעלנע מעמבערס פון דער עקזעקוטיווע, האָט די אָרגאַניזאַציאָנס־קאָמיטע ליידער ניט געקענט באוויליגען זייער פאַרלאַנג.

ער (דינערשטיין) איז געווען פאַרטראָטען ביי בר. 301 ביי זייער ספּעציעלען מיטינג, וואָס איז אַראַנזשירט געוואָרען פאַר אָרגאַניזאַציאָנס־צוועקען. דער מיטינג איז געווען זעהר גוט באזוכט, און זיי האָבען פאַרשפּראָכען צו טאָן גוטע אַרבייט פאַר ביידע קאמפּיינס. דער ברענטש האָט באדאַנקט די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע פאַר שיקען צו זיי אַ פאַרטרעטער.

פריינד אב. עפּשטיין איז געווען פאַרטראָטען ביי בר. 76, גרינפּאָינט, און אַדרעסירט זייערען אַ מיטינג, וואָס איז גערופען געוואָרען צו באהאַנדלען די פראַגע וועגען יקרות. דער מיטינג איז געווען ערפאָלגרייך, און דער ברענטש ערוואַרט, אַז דאָס וועט העלפען אויפלעבען זייער אַרבייט אין דער נאָהענטער צוקונפט.

אַ קורצער טור איז אָרגאַניזירט געוואָרען צו באזוכען פאָלגענדע שטעדט: קליוולאנד, איזקראָן, יאָנגסטאון, קענטאָן, אָהייאָ סטייט, ווי אויך פּיטסבורג און אירי, פּא. האָבען אָבער אין איניגע שטעדט ניט געקענט אַראַנזשירען קיין מיטינגען אויף דער צייט וואָס איז באשטימט געוואָרען, און עס איז בלויז געבליבען צו באזוכען קליוולאנד און איזקראָן.

ער (דינערשטיין) איז דאָרט געווען פאַרטראָטען. קליוולאנד האָט אַ גרויסע אידישע באפעלקערונג און דער אַרבייטער רינג האָט דאָרט אַ ברייטען פעלד פאַר טעטיגקייט. אויסער דעם דזשאָינט מיטינג מיט די מעמבערס פון די אָרטיגע ברענטשעס, האָט ער אויך אַדרעסירט אַ מאַסען־פאַרזאַמלונג. אורטיילענדיג פון דעם גייסט פון יענעם מיטינג, איז צו זעהן אַז די אַרבייט וועט דאָרט אויפגעלעבט ווערען. ער האָט אויך געהאַט אַ מיטינג מיט דער דיסטריקט קאָמיטע און זיך דורכגערעדט וועגען ווייטערדיגער טעטיגקייט.

אַ נייער אַרבייטער רינג ברענטש האָט זיך לעצטענס געגרינדעט אין קליוולאנד, אַ ברענטש פון פּיינטערס און פּייפּער־הענגערס. די לעצטע האָבען אַ שטאַרקע יוניאָן אין קליוולאנד, און עס איז דאָ אַלע אויסזיכטען, אַז דער ברענטש זאָל גאָר אין גיכען אַריבערשטייגען אַלע אַלטע ברענטשעס פון אָהייאָ סטייט.

די פּיינטערס און פּייפּער־הענגערס פון קליוולאנד באגרייפען, אַז אויב זיי מוזען באלאַנגען צו אַ יוניאָן, דורך וועלכער זיי זאָלען אָנפיהרען זייער עקאָנאָמישען קאַמף, מוזען זיי אויך באלאַנגען צום אַרבייטער רינג, וועלכער זאָל זיי העלפען אויסצומיידען אָנצוקומען צו טשאַריטיס און זאָל באשיצען זיי און זייערע פאַמיליעס אין מאָמענטען פון נויט.

די פּיינטערס און פּייפּער־הענגערס פון קליוולאנד האָפען, אַז אַלע מיטגליעדער פון דער יוניאָן זאָלען אויך אין גיכען זיין מעמבערס פון אַרבייטער רינג.

די אַרבייטער רינג מעמבערס אין קליוולאנד זיינען אויך זעהר טעטיג אין רעליעף אַרבייט. אַ דאַנק זייער ענערגישער באטייליגונג אין דער טעטיגקייט, און אַ דאַנק זייער פאָדערונג, האָט די אַמעריקאַן דזשואיש רעליעף קאָמיטע באשטימט צו געבען צו דער פּיפּעלס רעליעף 25 פּראָצענט פון דער גאַנצער סומע וואָס וועט קאָלעקטירט ווערען פאַר די אידישע מלחמה קרבנות.

אין איזקראָן האָט ער אַדרעסירט אַ מיטינג, און עס זיינען פאַרגעשלאָגען געוואָרען עטליכע און צוואַנציג מעמבערס. זיי האָבען אויך געהאַט אַ באַנקעט, און עס איז פאַרשפּראָכען געוואָרען צו שאַפען אַ פּאַסענדע סומע פאַר אונזער 25 טויזענד דאָלאר פאָנד. איזקראָן האָט זיך אויף דעם געביעט אַלע מאָל אויסגעצייכענט, ניט קוקענדיג דערויף וואָס דער ברענטש איז אַ קליינער, האָבען זיי פאַר די לעצטע צוויי יאָהר, וואָס דער אַרבייטער רינג פיהרט אָן קאמפּיינס פאַר דעם רעליעף, געשאַפען העכער 500 דאלאר.

אין ניו בראָנזוויק איז לעצטע וואָך געגרינדעט געוואָרען אַ נייער ברענטש. פריינד גערשאָנאָף האָט זיי אינסטאַלירט אַלס ברענטש 564. אויסער די נייע מיטגליעדער זיינען אויך געווען פאַרטרעטער פון די יאָנג פּיפּעלס סאָשעליסט ליעג, פון דער אָרטיגער בעקער יוניאָן און פון דעם אַלטען ברענטש פון אַ. ר.

דער עלעמענט פון דעם נייעם ברענטש איז זעהר אַ סימפּאַטישער, און עס זיינען דאָ אַלע אויסזיכטען אַז דער ברענטש וועט זיך אין דער נאָהענטער צוקונפט שעהן ענטוויקלען. די גרינדער פון דעם ברענטש פיהרען אויך פאַרהאַנדלונגען מיט אַ גרופּע ספּאַנישע פּראַ־

גרעסערע אידען, צו גרינדען פון זיי אן ארבייטער רינג ברענטש.

פריינד מאלעץ, פון דער סיטי ארגאניזאציאנס קאמיטע, איז געווען פארטרעטען ביי דעם מיטינג פון ברענטש אין וויהאקען. דער מיטינג איז געווען זעהר גוט באזוכט און זיי האבען דאמאלס אריינגענומען 2 נייע מעמבערס און 10 זיינען פארגעשלאגען געווארען. עס איז דארט אויך געווען א פארטרעטער פון דער האדסאן קאונטי דיסטריקט קאמיטע.

ער (דינערשטיין) איז געווען דעם 12טען יאנואר אין נארפאלק, ווירדזשיניא, ביי דעם 10טען יעהרליכען יובילעאום פון בר. 212. ער האט אדרעסירט א מיטינג פון ברענטש, און עס זיינען אריינגענומען געווארען 12 נייע מעמבערס און עטליכע צוואנציג זיינען פארגעשלאגען געווארען. עס איז אויך געווען ארגאניזירט א פראבע־פירער באנקעט, וואו עס זיינען געוועזען אלע מעמבערס פון ברענטש אין זייערע פרויען און אויך א פארטרעטער פון ארומיגע ברענטשעס. ער האט גערעדט וועגען רעליעף, און די מעמבערס פון ברענטש האבען ביגעשטייערט 15 הונדערט דאלאר. זיי האבען פארשפראכען צו טאן אין דער צוקונפט גוטע ארבייט פאר דעם מעמבערשיפ קאמפיין.

ברענטש 513 פון נארפאלק קלייבט זיך יעצט צו פייערען אן יעהרליכען יום־טוב.

פריינד יודיטש, מעמבער פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע, איז ארויסגעפאהרען אויף א געוויסע צייט פאר'ן „פארווערטס" און פאר דער „נייער וועלט" און האט אין מאנכע פלעצער געהאט מיטינגען מיט ברענטשעס און סיטי קאמיטעס. אויף זיין רעקאמענדאציאן איז באשלאסען געווארען צו גרינדען א נייע דיסטריקט קאמיטע אין אטלאנטא, וועלכע זאל אריינעהמען סאקאן, סאוואנאה, טשאטאנוגא, בירמינגהעם, אויב די ברענטשעס וועלען איינוויליגען אויסצושטעהן די איבריגע הוצאות פון זייערע דעלעגאטען צו די צוזאמענפאהרען פון דער דיסטריקט קאמיטע. לויט דער קאנסטיטושאן ווערט פאר יעדען דעלעגאט באוויליגט בלויז 3 דאלאר פאר הוצאות הין און צוריק.

ראפארט פון דער ארגאניזאציאנס קאמיטע ווערט גוטגעהייסען.

## ראפארט פון דער בענעפיט קאמיטע

פריינד ראטהמאן, טשערמאן פון דער קאמיטע, באריכטעט, אז די לעצטע צייט ווערט צווישען די ניו־יארקער ברענטשעס אנגעפיהרט אן אגיטאציאן פאר איינפיהרען דיסטריקט דאקטוירים.

מיט עטליכע וואכען צוריק איז געווען א קאנפערענץ, וואו עס זיינען געווען פארטרעטער פון 12 ברענטשעס, וואס זיינען פאר איינפיהרען דיסט. דאקטוירים. עס איז באשלאסען געווארען צו רופען א צווייטע קאנפערענץ פון אלע ניו־יארקער ברענטשעס און זיי פאראינטערעסירען אין דער דיסטריקט דאקטוירים פראגע. די קאנפערענץ איז געווען זונטאג דעם 2טען פעברואר. א קאמיטע פון דער בענעפיט קאמיטע איז ביי דער קאנפערענץ געווען פארטראטען. עס זיינען געווען פארטראטען 103 ברענטשעס פון גרייטער ניו יארק.

די קאמיטע פון די ברענטשעס וואס האבען דעם קאנפערענץ פאררופען האט פארגעלעגט א גאנצע ריהע פלענער וועגען דער איינפיהרונג פון דיסטריקט דאקטוירים.

ד"ר י. מעריסאן, פון דער מעדיקאל אדווייזארי באארד פון ארבייטער רינג, האט געהאלטען א רעפעראט איבער דיעזער פראגע און אויך פארגעלעגט פלענער ווי אזוי דער נייער סיסטעם זאל איינגעפיהרט ווערען.

נאכדעם ווי די פראגע איז אלזייטיג דיסקוטירט געווארען, האבען 56 ברענטשעס זיך ארויסגעזאגט פאר דער איינפיהרונג פון דיסטריקט דאקטוירים. בלויז 10 ברענטשעס האבען געשטימט דאגעגען און די איבריגע דעלעגאטען האבען ערקלערט, אז זיי האבען ניט קיינע אינסטרוקשאנס פון זייערע ברענטשעס ווי אזוי צו שטימען אין דער פראגע.

דער באשלוס פון קאנפערענץ איז געוועזען, אז די פראגע פון באלאנגען צו דיסטריקט דאקטוירים בלייבט א פריוויליגע. ברענטשעס וועלכע וועלען ניט ווערען באלאנגען צום דיסטריקט דאקטוירים דעפארטמענט וועלען קענען ערוועהלען זייערע אייגענע דאקטוירים.

עס איז אויך ערוועהלט געווארען א קאמיטע פון 7, וועלכע וועט דארפען זעהן פאראינטערעסירען די איבריגע ברענטשעס פון ניו־יארק זיי זאלען זיך אנשליסען אן דיסטריקט דאקטוירים דעפארטמענט. די קאמיטע וועט אויך דארפען אויסארבייטען אלע איינצעלהייטען אין באצוג דער איינפיהרונג פון דעם נייעם סיסטעם.

די קאנפערענץ האט אויך אנגענומען א רעזאלוציאן, וועלכע וועט פארגעלעגט ווערען ביים נעקסטען קאנווענשאן פון א. ר., אז די עקז. קאמיטע פון ארבייטער רינג זאל איינפיהרען דיסטריקט דאקטוירים איבעראל, וואו ס'איז נאר דא א מעגליכקייט. און די דיסטריקט דאקטוירים איינפיהרונג זאל ווערען א נאציאנאלע אינסטיטושאן אין א. ר..

די נאציאנאלע בענעפיט קאמיטע האט באשלאסען איינצופיהרען יעדען דיענסטאג אב. עקזאמינאציאן פאר נייע קאנדידאטען אין הארלעם, אין הויז פון בר. 2, 143 א. 103טע סט., און אין בראנזוויל, אין דער אידישער ארבייטער רינג שולע, 105 טהאטפארד עוו., ברוקלין. עס איז אויך באשלאסען געווארען צו אפאינטען נאך א דיסטריקט עקזאמינער דאון־טאון, וויל דר. קלימענקא איז לעצטענס זעהר פארנומען.

פון דעם 1טען יאנואר, 1919, ווערט, לויט דעם לעצטען רעפערענדום, געצאהלט 200 דאלאר קאנסאמפשאן בענעפיט, אנשטאט 100 דאלאר, ווי פריהער. אין אפיס איז דא אזא פאל: א מעמבער פון ברענטש 18 האט זיך געמאלדען קראנק אויף קאנסאמפשאן דעם 18טען דעצעמבער, 1918, און האט פארלאנגט אריינגענומען צו ווערען א פאציענט אין אונזער סאניטאריום. ער האט זיך אבער ארויסגעצייגט צו זיין אן אדוואנסט קייס, און האט דארום אין סאניטאריום ניט געקענט אריינגענומען ווערען. דעם 8טען יאנואר, 1919, האט ער צוגעשיקט אן אפליקיישאן פאר די קאנסאמפשאן בענעפיט. די בענעפיט קאמיטע האט באשלאסען איבערצוגעבען די קייס צו דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע, צו באשליסען צי דעם מעמבער זאל אויסגעצאהלט ווערען 1000 דאלאר אדער 200 דאלאר קאנסאמפשאן בענעפיט.

די בענעפיט קאמיטע רעקאמענדירט אויסצוצאהלען 200 דאלאר.

א צושריפט איז ארויסגעשיקט געווארען צו אלע ברענטשעס, אין וועלכען מען האט זיי אויפמערקזאם געמאכט, אז יעצט, נאכדעם ווי די עפידעמיע איז אין א גרויסער מאס אפגעשוואכט געווארען, דארפען די ברענטשעס זיין מעהר פארזיכטיג מיט די סיק סערטיפיקייטס. ווי באוואוסט, האט די נאציאנאלע בענעפיט קאמיטע באשלאסען אויסצוצאהלען אלע סיק סערטיפיקייטס אויף אינפלוענציע, ווען זאגאר ניט אונטערגעשריבען פון קאמיטעס. ס'איז אבער לײדער געווארען א געוואוינהייט פון פיעלע סעקרעטערע און האספיטעלער צוצושיקען סיק סערטיפיקייטס ניט אונטערגעשריבען פון קיינע קאמיטעס, און דער אפיס איז געצוואונגען אזעלכע צוריקצושיקען.

צוליעב דעם וואס סיק סערטיפיקייטס קומען נאך אריין א סך מעהר ווי אין נארמאלע צייטען, איז דער סיק בענעפיט דעפארטמענט הינטערשטעליג אויף אונגעפעהר 2 וואכען.

די קאמ. געהאט א געמיינשאפטליכען מיטינג מיט דער מעדיקאל אדווייזארי באארד, וואו עס זיינען אנוועזענד געווען דר. מעריסאן, דר. קלימענקא, דר. נעלסאן, דר. סילווערבערג און דר. פאני דעמבא. די דאקטוירים האבען רעקאמענדירט צו ארגאניזירען א סטעף נוירסעס פון פרויען און טעכטער פון ארבייטער רינג מעמבערס. מאנכע מיטגליעדער פון דער מעדיקאל אדווייזארי באארד גלויבען, אז אויב די ארבייט זאל זיין ערפאלגרייך, וואלט דאס געקענט מיט דער צייט פארוואנדעלט ווערען אין אן ארבייטער רינג „רעד קראס". די בענעפיט קאמיטע האט באשלאסען אנצונעהמען זייער רעקאמענדיישאן, און א געמיינשאפטליכע קאמיטע פון די דאקטוירים און פון דער בענעפיט קאמיטע איז ערוועהלט געווארען אויסצוארבייטען א גענויען פלאן.

דר. קלימענקא האט איבערגעגעבען, אז דער סופעראינטענדענט פון בית ישראל האספיטאל האט איהם געזאגט, אז אויב דער ארבייטער רינג וועט זיך אנשליסען אלס מעמבער פון האספיטאל, וועט א פארטרעטער פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו צוגעצויגען ווערען אלס עהרען־מיטגליעד פון זייער עקזעקוטיוו באארד. די מעדיקאל אדווייזארי באארד האט רעקאמענדירט צו געבען די באשטימטע 500 דאלאר פאר דעם בית ישראל האספיטאל אלס יעהרליכע בייששטייערונג.

דר. קלימענקא האט אויך פארגעלעגט א בריעף פון לבנון האספיטאל, אין וועלכען זיי האבען געבעטען צו קומען ענדע יאנואר, דורכרעדען זיך וועגען דעם, צי דער ארבייטער רינג וועט זיך אנשליסען אן זייער האספיטאל. דר. קלימענקא און דר. סילבערבערג זיינען ערוועהלט געווארען צו זיין דארטען פארטראטען.

די עקז. באשליסט גוטצוהייסען די רעקאמענדיישאן פון דער בענעפיט און אויסצאהלען 200 דאלאר קאנסאמפשאן בענעפיט צום מעמבער פון בר. 81.

דער ראפארט פון דער בענעפיט קאמיטע ווערט דאן גוטגעהייסען.

## ראפארט פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע

פריינד זאלצמאן, וויס־טשערמאן פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע, באריכטעט, אז די עדיוקיישאנאל קאמיטע האט באשטימט צו שטעלען זיך אין פארבינדונג מיט די ניו־יארקער ארבייטער קערפערשאפטען וועגען גרינדען א געמיינשאפטליכע עמפלאימענט ביורא פון אלע ארבייטער־ארגאניזאציאנען. די עדיוקיישאנאל קאמיטע דענקט, אז אזא עמפלאימענט ביורא וואלט געקענט פיעלעס אויפטאן.

די נייע אדרעסען־מאשין איז שוין אנגעקומען, אבער אין פארלויף פון די עטליכע וואכען, וואס די מאשין איז קאליע געווארען, האבען די פיעלע ענדערונגען און אדרעסען, וואס זיינען אנגעקומען אין „פריינד" מיילינג דעפארטמענט, ניט געקענט געמאכט ווערען.

דער קאנצערט מיט צימבאליסט'ן, וואס איז אונטערנומען געווארען פון דער ארבייטער רינג שול קאמיטע, צוזאמען מיט דער סיטי קאמיטע פון דער ס. פ., איז געווען אין סכנה צו האבען א פאלשמיעריגען דורכפאל און פארלירען דעם דעפאזיט פון עטליכע הונדערט דאלאר, וואס איז געגעבען געווארען. די עדיוקיישאנאל קאמיטע האט דארום באוויליגט אויסצולייהען דער ארבייטער רינג שול קאמיטע 350 דאלאר, זייענדיג זיכער אז דערמיט וועט מען אם ווייניגסטען ראטעווען דעם קרן און ניט פארלירען דעם דעפאזיט פון עטליכע הונדערט דאלאר.

די הערפע, בר. 597, האט זיך געווענדעט, דאס אזוי ווי זיי זיינען אויך א דראמאטישער ברענטש, זאלען זיי אויך שטעהן אונטער דער אויפזיכט פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע. פארהאנדלונגען ווערען יעצט געפיהרט צו פאראייניגען די פרייע אידישע פאלקס־ביהנע, בר. 555, מיט בר. 597.

די בראנזוויל א. ר. שול איז שוין געעפענט געווארען, און ווי עס זעהט אויס, וועט אויך דארט די אידישע ארבייטער רינג שולע זיין א גרויסער ערפאלג. עס איז באשלאסען געווארען צו באווי־

ליגען פאַר זיי 200 דאלאר, כדי זיי זאָלען קענען אַנגעהן מיט זייער אַרבייט צו באַפעסטיגען דעם באָדען פון דער שולע.

דער אַרבייטער רינג כאָר האָט לעצטענס אַראַנזשירט אַ סעריע לעקטשורס איבער מוזיק, אילוסטרירט דורך געזאַנג פון כאָר און פּיראָזשניקאָף, דעם דיריגאַנט פון כאָר. אויף דער קאָנצערטינאַ. די לעקטשורס ווערען געגעבען פון ח. י.

דער לעקטשור טור מיט פריינד א. ש. זאַקס איז אַראַנזשירט געוואָרען, און פיעלע שטעדט האָבען שוין געענטפערט אַז זיי נעהמען אָן. ער איז לעצטע וואָך אַרויסגעפאָהרען אויף זיין טור, און ווי עס זעהט אויס, וועט דער טור זיין ערפאָלגרייך. די ערשטע ראַפּאָרטס זיינען זעהר גינסטיג.

דער לעצטער נומער „פריינד" איז ערשינענען אין 48 פּיידזשעס, אַנשטאַט 82, ווייל עס זיינען אַריין לענגערע ראַפּאָרטס פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע און פון דער נעשיאָנאַל באָארד אוו דירעקטאָרס.

די פּעטערסאָן סיטי קאָמיטע האָט ערקלערט, אַז זיי האָבען געגרינדעט דאָרט אַן אַרבייטער רינג כאָר, וועלכער באַשטעהט פון 40 פּערזאָן. זיי האָבען געבעטען, אַז מען זאָל זיי העלפען דעם כאָר אָרגאַניזירען און אַוועקשטעלען איהם אויף אַ געזונדען באָדען. עס איז באַוויליגט געוואָרען אַרויסצושיקען צו זיי אויף איין אָדער צוויי מאָל ה׳ י. פּיראָזשניקאָוו׳ן, אויף די אויסגאַבען פון דער עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע.

דער אַרבייטער רינג מענדאָלין אָרקעסטער איז לעצטענס אַרויסגעטראָטען ביי די סטרייקענדע שניידער און מען האָט זיי איבעראַל מיט באַגייסטערונג אויפגענומען.

די פרייע אידישע פאָלקס־ביהנע, בר. 555, שטודירט יעצט אַ נייע פּיעסע, „די היפּאָקריטען", פון בריע. זיי האָבען אויך געקראָגען די ערלויבניש פון שלום אַש און דוד פּינסקי צו שפּיעלען זייערע פּיעסען. זיי האָבען באַשלאָסען צו שפּיעלען אונענטגעלטליך פאַר אַלע סטרייקענדע, וואָס וועלען זיך צו זיי ווענדען.

פאָרבאַרייטונגען ווערען געמאַכט איבערצוגעבען צום דרוק די ביכער וואָס דאַרפען דיעזען יאָהר אַרויסגעהן. אַזוי ווי דער מאַרקעט־פּרייז פון פּאַפּיער איז נאָך אַלץ אַ וואַקלענדער, האַלט זיך די קאָמיטע צוריק פון אָרדערען פּאַפּיער פאַר די ביכער.

עס וועט נויטיג זיין אַרויסצושיקען אַ לעקטשורער אויף 10 אָדער 12 טעג, צו דעקען דעם געגענד פון וואָטערבורי, קאָנג., ביז מאָנטרעאל, קענעדע. ווער דער לעקטשורער וועט זיין איז נאָך ניט באַשטימט. אויך ווערט געפּלאַנעוועט צו באַזוכען עטליכע נאָהענטע שטעדט אין דער סאַוטה.

די ניו יאָרק סיטי עדיוק. קאָמ. אַראַנזשירט אַ סעריע שפּאַציערונגען אין איניגע מוזעאומס און שטעהט אין פאַרבינדונג מיט פיעלע ברענטשעס, וועמען זי העלפט אַראַנזשירען לעקטשורס און אונטערנעהמונגען.

ראַפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

### ראַפּאָרט פון דער אָפיס קאָמיטע

פריינד דיינידאָף, טשערמאַן פון דער אָפיס קאָמיטע, באַריכטעט, אַז די קאָמיטע פון די אידישע אַרבייטער רינג שולען האָט אַראַנזשירט אַ קאָנצערט מיט צימבאַליסט׳ן, צוזאַמען מיט דער סיטי קאָמיטע פון ס. פ. אַזוי ווי זיי האָט אויסגעפּעהלט געלד צו באַצאָהלען די קינסטלער, האָט די עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע באַוויליגט זיי אויסצולייהען 350 דאלאר. די אָפיס קאָמיטע דענקט, אַז די עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע דאַרף ניט באַוויליגען קיין געלדער פון זייער פאָנד פאַר אונטערנעהמונגען, וואָס זיינען ניט אונטער דירעקטער אויפזיכט פון דער עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע.

פריינד באַסקין איז געוועזען קראַנק 3 וואָכען אויף אינפלוענציע און פריינד געליעבטער האָט אין דער צייט פאַרנומען זיין פּלאַץ אין אָפיס. פריינד פריימאַן האָט גענומען די מיניטס ביי די מיטינגען פון די דעפּאַרטמענט קאָמיטעס.

אין אָפיס אַרבייטען צייטוויליג 2 עקסטרא קלוירקס און 1 עקסטרא באָי, ווייל עס איז דאָ אַ סך אַרבייט צו שליסען די ביכער פון די פאַרשיעדענע דעפּאַרטמענטס פאַר׳ן יאָהר און אויך צו מאַכען די פאָרבאַרייטונגס־אַרבייט פאַר וואַליואַיישאָן רעפּאָרטס צו די פאַרשיעדענע אינשורענס דעפּאַרטמענטס.

עס איז איינגעפיהרט געוואָרען אַ רעקאָרד־בוך פאַר אַלע אַדווערטייזמענטס, וואָס ווערען געגעבען, אום עס זאָל לייכט זיין נאכהער צו טשעקען די בילס פאַר די פאַרשיעדענע אַדווערטייזמענטס.

ברענטש 1 האָט באַדאַנקט פאַר אונטערזוכען זייערע ביכער און האָט אויך געשריבען אַז די פערטעל־יעהרליכע רעפּאָרטס, וואָס ברענטש סעקרעטערע דאַרפען צושיקען, זיינען זעהר אַ גוטע איינפיהרונג און מען דאַרף דאָס זעהן אָנהאַלטען.

אַ געוויסער ברענטש איז אויפגעלעזט געוואָרען דעם 31טען דעצעמבער פאַר ניט צאָהלען קיין דיוס פאַר די לעצטע 3 קוואַרטאַלען. עטליכע מעמבערס פון ברענטש האָבען באַלד אין אָנפאַנג יאַנואַר אָנגעפרעגט אויב די מעמבערס קענען זיך באַנוצען מיט דעם מאַניפעסט פאַר געשטראָכענע מעמבערס אַריינצוגעהן צוריק ניט באַצאָהלענדיג די אַלטע שולדען. מען האָט זיי געענטפערט, אַז לויט די פיהרונגען זיינען זיי אַלע געוואָרען מעמבערס עט לאַרדזש און זיינען פאַראַנטוואָרטליך פאַר זייערע שולדען, און אַז דער מאַניפעסט איז גילטיג בלויז פאַר די וואָס זיינען געשטראָכען געוואָרען מיט אַמווייניגסטענס 6 מאָנאַטען צוריק.

אין אַ געוויסען ברענטש איז געוועזען אַזאַ פאַל: דעם 6טען דעצעמבער 1918 איז ביי זיי פאָרגעשלאָגען געוואָרען אַ מעמבער און ער האָט דאַמאָלס איינגעצאָהלט זיין איינטריטס־געלד. דער אָפיס האָט דעם 26טען דעצעמבער אַרויסגעגעבען אַ צייטווייליגען רעסיט פאַר זיין איינטריטס־געלד, וואָס עס איז ערהאַלטען געוואָרען אין אָפיס דעם 8טען יאַנואַר, 1919, און דעם זעלבען טאָג איז אויך אויסגעפילט געוואָרען זיין מעמבערשיפ סערטיפיקייט. דער באַטרעפענדער איז געשטאָרבען פון אינפלוענציע דעם 1טען יאַנואַר, איבערלאָזענדיג אַ פרוי מיט 8 קינדער. די אָפיס קאָמיטע איז מיט דער מיינונג, אַז דער טויטען־בענעפיט דאַרף צו זיין פאַמיליע אויסגעצאָהלט ווערען. די קייס איז איבערגעגעבען געוואָרען צו אונזער ליגעל אַדווייזער.

אַ פרוי פון אַ געוויסען מעמבער האָט צוגעשיקט אַן אַפּליקיישאָן אַלס 8טע קלאַס מעמבער און האָט פאַרלאַנגט, אַז זי זאָל אַריינגענומען ווערען מיט סאַניטאַריום פּריווילעגיע. אַזוי ווי איהר מאַן איז אַ געוועזענער פּאַציענט פון סאַניטאַריום, האָט די אָפיס קאָמיטע באַשלאָסען ניט צו באַוויליגען פאַר איהר די סאַניטאַריום פּריווילעגיען. איהר מאַן האָט דאַן ערקלערט, אַז אויב מען ענטזאָגט איהר אין דעם פאַרלאַנג, וועט זי זיך ניט אַנשליסען אַלס מעמבער.

עס זיינען געאָרדערט געוואָרען 25 טויזענד נייע אַפּליקיישאָן־בלענקס. די נייע פערטעל־יעהרליכע רעפּאָרט־בלענקס זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרען צו די ברענטש סעקרעטערע אויסצופילען פאַר דעם אוידיטינג דעפּאַרטמענט.

אַ מעמבער פון אַ געוויסען ברענטש האָט זיך באַקלאָגט, אַז דער אָפיס רעכענט זיי פאַר דיוס פאַר אַ געוויסער מעמבערין, וועלכע איז מיט אומגעפעהר אַ יאָהר צוריק געשטראָכען געוואָרען. אויף אונזערע רעקאָרדס האָט זיך אָבער נאָכהער אַרויסגעצייגט, אַז זייער דאַמאָלסדיגער סעקרעטער האָט געשריבען, אַז די באַטרעפענדע זאָל ניט געשטראָכען ווערען, און פאָלגליך איז זי די גאַנצע צייט פאַררעכענט געוואָרען אַלס מעמבער פון ברענטש.

מעמבערס, וועלכע האָבען זיך אַנגעשלאָסען אַן אַרבייטער רינג נאָך 1911, אויב זיי האָבען ניט אַנגעגעבען קיין נעמען פון זייערע בענעפישערים, ווערען לויט אונזער קאָנסטיטושאָן זייערע פרויען די בענעפישערים (אויב זיי זיינען פאַרהייראַט).

אין דער צייט פון דער עפּידעמיע זיינען פיעלע מעמבערס, וואָס האָבען זיך אַנגעשלאָסען אַן אַרבייטער רינג אין 1911, געשטאָרבען, איבערלאָזענדיג הילפלאָזע פאַמיליעס.

דער אָפיס האָט ניט געוואוסט ווי צו האַנדלען אין אַזאַ פאַל. אונזער ליגעל אַדווייזער האָט ערקלערט, אַז אין אַזעלכע פעלע מוז די פרוי זיך אַפּאָינטען אין קאָורט אַלס אַדמיניסטריטאָר, און דאַן וועט זי קענען קריגען די טויטען בענעפיט.

אַ געוויסער מעמבער איז געשטראָכען געוואָרען מיט אַ יאָהר צוריק. ער האָט ערקלערט, אַז דורך פאַרשיעדענע פּערזענליכע טראַבעלס האָט ער פאַרגעסען די בילס איינצוצאָהלען. ער איז געוועזען אַ מעמבער פון אַרבייטער רינג אומגעפעהר 12 יאָהר און ער איז יעצט אַלט 50 יאָהר. די אָפיס קאָמיטע האָט באַשטימט צו געבען די פּריווילעגיע דורכצוגעהן אַ דאָקטאָר עקזאַמינייטאָן, און אויב דער דאָקטאָר וועט איהם געפינען געזונד, זאָל ער איינצאָהלען דיוס פאַר דער צייט וואָס ער איז געוועזען געשטראָכען און זאָל אַריינגענומען ווערען אַלס אַן אַלטער מעמבער.

פריינד בולגאַטש, וועלכער איז יעצט אַ מעמבער עט לאַרדזש, האָט פאַרלאַנגט אַז מען זאָל רעכענען זיינע דיוס אַלס איינע פון די גרינדער פון דעם אַרבייטער רינג, לויט די יאָהרען וואָס ער האָט אַריינגעטראָטען אין ברענטש 1, אַלס אַ סאָסייעטי. די אָפיס קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו באַוויליגען זיין פאַרלאַנג אויב ער וועט זיך אַנשליסען אַלס מעמבער אין איינעם פון די 4 ברענטשעס, וועמעס גרינדער איז די פּריווילעגיע געגעבען געוואָרען.

עס איז באַשטימט געוואָרען צו האָבען אַ שטענדיגען מאָנאַטליכען אַדווערטייזמענט אין דער „צוקונפט".

די קאַליפאָרניא אינשורענס דעפּאַרטמענט האָט געשריבען אַז דער טשאַרטער וועט צו אונז אַרויסגעשיקט ווערען אַזוי שנעל ווי זיי וועלען ערהאַלטען פון אונז די וואַליואַיישאָן רעפּאָרטס פאַר דעם יאָהר 1918.

די לאָיערס אין מיזורי סטייט, וועלכע האָבען דורכגעפיהרט די לעגאַליטעט אַרבייט, האָבען צוגעשיקט אַ ביל אויף 500 דאלאר. דער ביל איז צו זיי אויסגעצאָהלט געוואָרען.

אַזוי ווי עס וועט ניט זיין גענוג קעש אין פאַרלויף פון דעם קומענדען קוואַרטאַל, איז באַשלאָסען געוואָרען צו לייהען פון דער טשעטהעם און פיניקס באַנק 25 טויזענד דאָלאַר, פאַר וועלכע מיר וועלען דאַרפען צאָהלען 4 און אַ האַלב אָדער 5 פּראָצענט.

אין אַ געוויסען ברענטש איז פאָרגעשלאָגען געוואָרען אַ קאַנדידאַט, וועלכער האָט אַנגעגעבען זיינע יאָהרען אַלס 45. דער דאָקטאָר האָט געשריבען אין אַפּליקיישאָן, אַז ער זעהט אויס מיט 10 יאָהר עלטער. מען האָט דעם באַטרעפענדען אַרויסגערופען אין אָפיס און ער זעהט ווירקליך אויס צו זיין פיעל עלטער פון 45 יאָהר. דער אַפּליקאַנט מאַכט אַ גוטען איינדרוק. ער ערקלערט אַז צוליעב דעם וואָס ער האָט פיעל אַרומגערייזט אין דער וועלט זעהט ער אויס זעהר אַלט. די אָפיס קאָמיטע האָט באַשטימט צו ברענגען די פראַגע צו דער עקזעקוטיווע, צו ענטשיידען אויב ער זאָל אַריינגענומען ווערען אָדער ניט.

אויף דעם פאַרלאַנג פון דער נאַציאָנאַלער באָארד אוו דירעקטאָרען איז באַשלאָסען געוואָרען צו באַוויליגען דאָס פריינד טייטעלמאַן, דירעקטאָר פון פילאַדעלפיא, זאָל באַזוכען פּיטסבורג, אום צו באַריכטען פון דעם לעצטען צוזאַמענפאָהר פון דער נאַציאָנאַלער באָארד אוו דירעקטאָרס.

אין אָפיס איז לעצטע וואָך אָנגעקומען אַ באַריכט, אַז עס איז פאַר אונז באַוויליגט געוואָרען דער טשאַרטער אין קוויבעק (קענעדע).

ראַפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

פ. געליעבטער, רעקאָרדינג סעקרעטער.




מיר, די מעמבערס פון בר. 135 א. ר., דריקען אויס אונזער גרויסען טרויער און שמערץ איבער דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזערע פריינדע ל. שור און דז. גינסבערג. דער ערשטער איז געשטארבען דעם 15טען יאנואר פון דער שרעקליכער מגפה אינפלוענציע, דער צווייטער איז געשטארבען דעם 61טען יאנואר פון נעמאניא. אונזער טיעפסטע סימפאטיע צו זייערע פאמיליעס.

א. פערעלמאן, סעק.

---

מיר, די מעמבערס פון פראגער ווארשעווער בר. 386 א. ר., דריקען אויס אונזער טיעפסטען טרויער און גרעסטע סימפאטיע צו אונזער אלעמענס באליעבטען פריינד איסאק זאבלאדאווסקי, פאר דעם שרעקליכען און פריהצייטיגען פארלוסט פון זיין ליעבער און טרייער פרוי פלארענס זאבלאדאווסקי. אויך דריקען מיר אויס אונזער הערצליכסטע סימפאטיע צו אלע איהרע ברידער, פאמיליע און פריינד פאר זייער גרויסען פארלוסט.

סעם פינקעלשטיין, סעק. בר. 386.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען טרויער און סימפאטיע צו מרס. ראזענצווייג און איהרע צוויי יתומים אויפ'ן טויט פון אונזער מיטגליעד פיליפ ראזענצווייג.

בר. 510. א. אדלער, קאם.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 457, דריקען אויס אונזער טיעפסטע סימפאטיע צו אונזער פריינד ב. באראן אויף דעם פריהצייטיגען טויט פון זיין באליעבטער פרוי.

מ. ניטליץ, סעק.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטע סימפאטיע צו אונזער פריינד לואי יאקאבסאן אויפ'ן פריהצייטיגען טויט פון זיין יונגער באליעבטער פרוי יעטע יאקאבסאן, געשטארבען פון נעמאניא.

ד. רויז, סעק. בר. 183.

---

מיר, די מעמבערס פון איסט ניו־יארקער בר. 195 א. ר. דריקען אויס אונזער טיעפען טרויער נאך אונזער פארשטארבענעם פריינד סעמועל גאלדבערג. אויך דריקען מיר אויס אונזער טיעפען מיטגעפיהל צו זיין פאמיליע.

טשארלס שושאן, פיליפ קאלטאן, רעז. קאם.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען טרויער און באדויערונג איבער דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פריינד סידני ריין. אונזער טיעפסטע סימפאטיע און מיטגעפיהל צו זיין פרוי.

וו. קולבאק, סעק. בר. 285.

---

מיר דריקען אויס אונזער מיטלייד צו די פאמיליען און פריינדע פון אונזער פארשטארבענעם מעמבער, ווי אויך צו זייערע פרויען, נעמליך ה. באיקאף, ה. קאדיש, סערע אלפערט און יעטע דזשייקאבסאן, וועלכע זיינען פון אונז אזוי יונג אוועקגענומען געווארען. מיט געבויגענע קעפ און טיעפען צער און טרויער עהרען מיר זייער אנדענקען. מיר לייגען א קראנץ בלומען אויף זייערע קברים און מיר שיקען א טרייסט צו זייערע מענער און פרויען, ווי אויך צו זייערע פארבליבענע קלייניקע יתומים'לאך. זאל די צוקונפט זיי שיקען א טרייסט און פארהיילונג צו זייער גרויסען פארלוסט.

בר. 183, מ. ס. מאלאט, רעק. סעק.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען באדויערען פון דעם פארלוסט וואס אונזער מעמבער יוסף גיססער האט ערליטען דורך דעם פריהצייטיגען טויט פון זיין פרוי און אויך פון זיין ניי־געבארענעם קינד. מיטגעפיהל צו איהרע ברידער, וועלכע זיינען אויך מעמבערס פון אונזער ברענטש.

אויך דריקען מיר אויס אונזער טיעפסטען באדויערען פון דעם פארלוסט פון אונזער פארשטארבענעם פריינד הערי גרינבערג און מיטגעפיהל צו זיין פרוי און קינדער, וואס זייענדיג אין יוראפ ווייסען נאך גאר ניט פון זייער אומגליק.

אויך דריקען מיר אויס אונזער טיעפסטען באדויערען פון דעם פארלוסט פון אונזער פארשטארבענעם פריינד פיליפ קאהן, וועלכער איז דער'הרג'עט געווארען דורך אן עקסידענט פון אן אויטאמאביל. דאס איז צובראכען געווארען זעהר א יונגער, שטארקער בוים. מיר דריקען אויס אונזער מיטגעפיהל צו זיין ברודער, וועלכער איז אויך א מעמבער פון אונזער ברענטש.

מיר דריקען אויס אונזער טיעפען באדויערען פון דעם פארלוסט פון אונזער פארשטארבענעם פריינד סעם וואלינסקי, וועלכער האט זיך געפלאגט פון זיין קראנקהייט 2 יאהר צייט. מיר דריקען אויס אונזער מיטגעפיהל צו זיין ברודער, וועלכער איז אויך א מעמבער פון אונזער ברענטש, אויך צו זיינע פיעל פריינדע, וועלכע זיינען מעמבערס פון אונזער ברענטש.

מ. ווערניקאווסקי, סעק. בר. 231.

---

מיר דריקען אויס אונזער מיטגעפיהל צו אונזער פריינד היימאן שולמאן איבער דעם פריהצייטיגען טויט פון זיין פרוי יעטא שולמאן, וועלכע איז געשטארבען דעם 4טען פעברואר. אונזער הארציגע סימפאטיע צו זיינע צוויי יתומים.

וויטעבסקער ארג. פון בונד, בר. 224 א. ר. מ. סלאווין, סעק.

---

מיר, די מעמבערס פון וויטעבסקער בר. 473 א. ר., פילאדעלפיא, דריקען אויס אונזער טיעפסטען טרויער און שמערץ אויף דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פריינד דזשא קעליווא און זיין ליעבע פרוי, וועלכע די שרעקליכע עפידעמיע האט אוועקגעריסען איבערלאזענדיג 3 קליינע שעפעלעך אליין אין דער גרויסער וועלט. אונזער טיעפסטען באדויערען און סימפאטיע צו די קליינע יתומים'לעך.

ס. חייקען, סעק.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 161 א. ר., מאנעססען, פא., דריקען אויס אונזער הערצליכסטע באדויערונג פאר דעם פארלוסט פון אונזער טריי איבערגעגעבענעם פריינד בארנעט ראזען, געשטארבען פון דער שרעקליכער מגפה. אונזער טיעפסטע סימפאטיע צו זיינע אומגליקליכע עלטערען, וועלכע זיינען איצטער די טעטיגסטע אין אונזער ברענטש. מיר האפען די צייט וועט היילען זייערע טיעפע שרעקליכע וואונדען. אויך דריקען מיר אויס אונזער טיעפסטע סימפאטיע צו אונזער פריינד י. פריעדמאן צו דעם פארלוסט פון זיין ליעבענדער פרוי, וועלכע איז געשטארבען פון אינפלוענציא.

ה. ב. באזעלל, י. מייער, פרעס קאם.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען טרויער און מיטגעפיהל צו אונזער פריינד מיסעס מאלאץ איבער דעם גרויסען פארלוסט פון איהר טאכטער עטעל מאלאץ, און מיר ווינשען אז עס זאל מעהר קיין טראבעל ביי איהר ניט זיין.

ליידים בר. 529 א. ר., סיראקיוז.

גרוים איז אונזער מיטגעפיהל, פריינד מאררים מיללער, און סימפאטיע צו אייער פאמיליע אויפ'ן פארלוסט פון אייער קינד. אונזער הערצליכען וואונש איז איהר זאלט טרייסט געפינען אין אייערע אנדערע קינדער.

קליוולאנד סיטי און דיסט. ארג. קאמ. א. ר.
לואיס מ. דזשאספיר, סעק.

---

מיר דריקען אויס אונזער סימפאטיע און טרויער צו אונזער פריינד הערריי בעק אין דעם פארלוסט פון טייער קינד.
סיטי און דיסט. קאמ. אוו פראווידענס. דזש. פאוולאוו, סעק.

---

מיר דריקען אויס אונזער גרוים טרויער איבער דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פריינד איזי קוזעוויטסקי, וועלכער האט טריי און איבערגעבען געארבייט פאר אונזער ברענטש. אונזער טיעפסטע סימפאטיע צו זיין אונגליקליכער פרוי און דריי קליינע קינדערלעך.
י. פרוזאנסקי, ל. פרידמאן, קאמ. בר. 205.

---

מיר באדויערען דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פריינד אברהם גרינבערג און דריקען אויס אונזער טיעפסטע סימפאטיע צו זיין פרוי און קינדער. בעני קנאבלער, פינ. סעק. בר. 132.

---

בר. 17 א. ר. באדויערט שטארק דעם פריהצייטיגען טויט פון פר. ניוטהען פריעדמאן, וועלכער איז אין מיטען פון זיינע בליהענדע יאהרען אוועק פון דער וועלט, איבערלאזענדיג א יונגע פרוי מיט א קליין קינד; אויך אויף דעם טויט פון פר. ה. שולץ'ס פרוי, איבערלאזענדיג צוויי קינדער, און פר. גענז'ס פרוי, איבערלאזענדיג דריי קינדער. מיר דריקען אויס אונזער גרעסטע סימפאטיע צו דער פרוי ווי אויך צו בײדע פריינד מיט זייערע קינדער.
ס. גאלדבערג, סעק.

---

אלע מעמבערס פון בר. 395, פארזאמעלט אויף דעם ספעשעל מיטינג דעם 12טען יאנואר, דריקען אויס אונזער טיעפסטען טרויער און שמערץ איבער'ן שרעקליכען פארלוסט פון אונזער פריינד סעם טראכטענבערג, געפאלען אין פראנקרייך דעם 8טען נאוועמבער. עהרע דיין אנדענקען, ליעבענדער, געאכטעטער פריינד. דיין גייסט וועט אימער שוועבען צווישען אונז.
י. גלייזער, סעק., ראק איילענד.

---

מיט געבויגענע קעפ און טרויערדיגע הערצער באדויערען מיר דעם טויט פון אונזער מיטגליעד און גענאסע דזשייקאב ה. פלאטקין. מיר האבען אין איהם פארלארען א גוטען מיטגליעד און טוער. מיר באדויערען דעם פארלוסט פאר זיין פרוי און פאר זיינע פיער קינדער. מיט סימפאטיע צו זיינע פריינד, גענאסען, פרוי און קינדער, עהרען מיר זיין אנדענקען.
באברויסקער בר. 131 א. ר.) שיקאגא. יוסף גינזבורג, סעק.

---

מיר דריקען אויס אונזער באדויערען און שמערץ אויף דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער באליעבטען פריינד אברהם גארעליק, געפאלען א קרבן פון דער יעצטיגער עפידעמיע דעם 18טען דעצעמבער. מיט טרערען אין די אויגען דריקען מיר אויס אונזער סימפאטיע צו זיין פאמיליע. נ. חייעט, סעק. בר. 99 א. ר.

---

מיר, די מעמבערס פון דזשאן זשארעס בר. 192 א. ר., דריקען אויס אונזער טרויער אויף דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פריינדין סאפיע קאהען. זי איז געווען א טיכטיגע מיטארבייטערין אין אונזערע רייהען. מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען מיטגעפיהל צו איהר פאמיליע. י. טיישאף, וואשינגטאן, ד. ק.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיעפען טרויער און שמערץ אויף דעם פריהצייטיגען פארלוסט פון אונזער פריינד און מיטגלעד ניוטהען ליטווין. מיר שיקען אונזער ווארט פון מיטגעפיהל און טרייסט צו דער פרוי און פאמיליע. בר. 65 א. ר. א. לאשער, סעק.

---

מיר, די מעמבערס פון בר 50 א. ר., דריקען אויס אונזער טיעפען טרויער אויף דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פריינד טאביאס ספאדעק, געשטארבען אין עלטער פון 35 יאהר, יאנואר דעם 26טען 1919. מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטע סימפאטיע צו זיין מוטער און ברידער. ה. קראוז, סעק.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 366 א. ר., דריקען אויס אונזער טיעפסטע סימפאטיע צו אונזער פריינד דזשא בעניאוויטש אויפ'ן פריהצייטיגען טויט פון זיין יונגער און באליעבטער פרוי, וועלכע איז פלוצלינג געשטארבען דעם 2טען יאנואר 1919. מיר באדויערען זעהר וואס די לויה האט געמוזט זיין דעם זעלבען טאג און דארום איז געווען אונמעגליך אנצוזאגען די מעמבערס וועגען דיעזען פאל.
אין טרויער, בר. 366 א. ר. לואיס נעסחים, סעק.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען טרויער און סימפאטיע צו אונזער פריינד איזידאר פאלין און זיינע 4 ליעבע קינדערלעך איבער דעם פארלוסט פון דעם פריהצייטיגען טויט פון זיין יונגער און באליעבטער פרוי און געטרייע מוטער.
גערשוני בר. 240 א. ר. מ. קאופמאן, סעק.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 302 א. ר., דריקען אויס דעם טיעפסטען טרויער און שמערץ איבער דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פריינד ס. מעסניק און אונזער טיעפסטע סימפאטיע צו זיין פרוי און די 2 קינדער. מיר דריקען אויך אויס אונזער טיעפסטען טרויער און שמערץ פאר דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער באליעבטען פריינד וו. ר. קירשנער, וואס איז אוועקגעריסען געווארען פון אונז און פון זיין מוטער און פון זיין ליעבער כלה. ס. גאלדבערג. ער איז אויך א גרויסער פארלוסט פון די אידישע פארמערס פון סאליוואן קאונטי. מיר דריקען אויך אויס אונזער טיעפסטען טרויער און שמערץ פון אונזער פריינד און געוועזענער קעשיער פון בר., א. מאנאקער. מיר טיילען מיט אונזער סימפאטיע צו זיין פרוי און 3 קינדער און צו זיינע אלטע עלטערן און צו זיינע פריינדע.
אין טרויער, בר. 302 א. ר. א. י. פאנטעל, סעק.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטע סימפאטיע צו אונזער פריינד י. רובין. מיט גרויסע שמערצען באדויערען מיר דעם פריהצייטיגען טויט פון זיין פרוי אנא רובין. מ. קאהען, סעק. בר. 55.

---

מיר דריקען אויס אונזער טרויער אויף דעם פארלוסט פון אונזערע מעמבערס פרויען איידא דאבין, סעראה לערמאן, בערטא מאנדעל און סיידי וואלפמאן, וועלכע זיינען געשטארבען אין צייט פון דער שרעקליכער מגפה, און מיר דריקען אויס אונזער סימפאטיע צו אונזער פר. אייזעק בוירנער און פרוי אויף דעם פארלוסט פון זייער 17-יעהריגער טאכטער ראזע.
בערדיטשעווער בר. 245. דזשייקאב גארפיין, סעק.

---

מיט געבויגענע קעפ און טרערען אין די אויגען באדויערען מיר דעם טויט פון אונזער הבר און פריינד נ. סלעפאי, געשטארבען אקט. דעם 21טען 1918. אונזער טיעפסטע סימפאטיע צו זיין מוטער און פריינד. ב. מיללער, סע. בר. 418.

---

## וואס ארבייטער רינג ברענטשעס טוען פאר'ן רעליעף

צווישען די ברענטשעס פון א. ר. פיהלט זיך א סארט אייפערזוכט איבערצויאגען איינער דעם צווייטען אין דער רעליעף-ארבייט. מאנכע ברענטשעס איבער'ן לאנד מאכען ספעציעלע אונטערנהמונגען פאר דיעזען צוועק. אנדערע קאלעקטירען וויפיעל זיי קענען צווישען זייערע אייגענע מעמבערס און מאכען אויך באזונדערע ביישטייערונגען פון זיין ברענטש-טרעזשורי.

זאל דיעזער העהרליכער גייסט פון אמת'ען ברידערליכען מיטגעפיהל צו די אידישע פאלקסמאסען, וועלכע געפינען זיך אין נויט אויף דער צווייטער זייט ים, דיענען אלס א ביישפיעל פון דער אלגעמיינער טעטיגקייט פון ארבייטער רינג.

ברענטש 315, פון בארא פארק, מעג זיכער זיין שטאלץ מיט זיין גלענצענדער ארבייט אויף דעם געביעט פון רעליעף.

זיי האבען לעצטענס צוגעשיקט אין דזשענעראל אפיס פון א. ר. א טשעק אויף 3000 דאלאר פאר דעם 25 טויזענד דאלאר פאנד. מיט א קורצער צייט צוריק האבען זיי באזונדער צוגעשיקט די סומע פון 50 דאלאר.

ווי זיי ערקלערען, ענדיגט זיך נאך ניט דערמיט זייער טעטיגקייט. זיי ערווארטען נאך צו קאלעקטירען איבער 100 דאלאר, אום זייער ביישטייערונג זאל זיין א קיילעכדיגע פון 5000 דאלאר. די געלד איז ביי זיי געשאפען געווארען דורך א קאנצערט און באלל. דער ברענטש דריקט אויס א באזונדערען דאנק צו דער קאמיטע, וועלכע באשטעהט פון י. גארדן, פסין און מר. און מרס. דאלבאווסקי.

ברענטש 19, פון סיראקיוז, האט לעצטענס צוגעשיקט א טשעק אויף 20 דאלאר פאר דעם רעליעף פאנד. די סומע איז קאלעקטירט געווארען דורך וויליאם ראזען ביי א ברית פון א מעמבער פון א. ר.

בר. 441 פון דזשעקסאנוויל, פלארידא, האט ארייגעשיקט א טשעק פון 31 דאלאר פאר דעם רעליעף פאנד. דאס געלד איז קאלעקטירט געווארען ביי ה. סיימאנס אויף א ברית.

בר. 25 האט ביי איינעם פון זיינע לעצטע מיטינגען באשלאסען ביוצושטייערען פון זיין אייגענע קאסע 25 דאלאר פאר דעם 25 טויזענד דאלאר פאנד, און א חוץ דעם קלייבען זיי פרייוויליגע ביישטייערונגען צווישען די מעמבערס.

פריינד סאפאזשניק האט זיך פארפליכטעט צו געבען א פערטעל פון דער גאנצער סומע וואס וועט געזאמעלט ווערען. מעמבערס וואס זיינען ניט געווען ביי יענעם מיטינג זיינען געבעטען צוצושיקען זייערע ביישטייערונגען צו די בעאמטע פון ברענטש.

פאלגענדע מיטגליעדער האבען בייגעשטייערט: וו. סאפאזשניק 10 דאל.; י. קראוויץ 2 דאל.; י. מינץ, ל. סאלאוויאף, בארנסטיין, א לופאוועצקי, פאלאנסקי, סטיין, פענטל, קאראסיק, ראדאוו, סיראטין, צו 1 דאלאר. לעווין, קאלאווסקי דזשאראזו גלוסקי, גארדען, קאשעראוויץ, וגאנאקור, בעקער בערמאן, צו 50 סענט. צוזאמען $51.50.

בר. 522, ניו יארק, באטייליגט זיך אימער אין יעדער טעטיגקייט וואס ווערט אונטערגענומען פון א. ר. זייט דער א. ר. פיהרט אן קאמפיינס פאר רעליעף, זיינען זיי קיינמאל ניט געבליבען הינטערשטעליג אין דער ארבייט. זיי האבען לעצטענס צוגעשיקט א טשעק פאר 50 דאלאר פאר דעם רעליעף פאנד.

בר. 211, ניו יארק, האט צוגעשיקט צום דזשענעראל אפיס א טשעק אויף 83 דאלאר פאר דעם רעליעף פאנד.

וועלכע ארבייטער רינג ברענטשעס קומען נעקסט מיט זייערע ביישטייערונגען צו דעם פאנד?

אלע געלדער, וואס ווערען בייגעשטייערט אדער קאלעקטירט פון די ברענטשעס, זאלען גלייך צוגעשיקט ווערען איז דזשענעראל אפיס.



זיי זינגען ברייט געגוג
די טויערען פון רוחם,
און הויך און שעהן געווים,
באפראנזט מיט גלאַנץ און שיין —
דאָך קען נישט יעדער איינער
צו יעדער צייט אַריין...

און מעגט איהר זיין ווי פיין,
ווי קלוג, ווי גוט, ווי פרום —
אויב איהר האָט עס נישט פארדיענט
מיט שווערער מיה און פיין,
מיט טריהייט, איבערגעבענהייט —
וועט איהר קיינמאָל דאָ נישט זיין!

# דאנק רעזאלוציאנען

מיר, די נאָוואָרידאקער פראַג. אַסס'ן, בר. 146 אַ. ר., ערוועהלען צום 10טען טערמין איינשטימיג פריינד ל. גאלינסקי אַלס פינאַנס־סעקרעטער מיט דעם אויסדרוק פון פולסטען צוטרוי. מיר האָפען, אַז ער וועט אונז לייסטען די זעלבע דיענסטע און דאָס גלייכען דעם אָרדען אַ. ר., אַזוי ווי ער האָט דאָס געטאָן אין דער פאַרגאַנגענהייט.

רעז. קאָמ. בר. 146.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען דאַנק צו דער דזשענעראל עקזעקוטיווע פאַר איהר פינקטליכקייט, וואָס זי האָט געשאַפען אין אַלע אָפטיילונגען פון אַ. ר.

באַלטימאָר דיסטיקט אָרג. קאָמ. א. בערלינסקי, סעק.

---

אין אנבאטראַכט דאָס פריינד הײמאַן סיקאָוויטש פון בר. 398 פילא., פא., איז געוועזען אונזער לייברעריען פאַר די לעצטע 3 מאָנאַט און האָט ערפיהלט זיין פליכט מיט דער גרעסטער איבער־געבענהייט; זיי עס באשלאָסען, דאָס מיר, פאַציענטען פון אַ. ר. סאַ־ניטאריום, ליבערטי, נ. י., פאַרזאַמעלט צו אַ מיטינג דעם 22טען דעצ., 1918, צו ערוועהלען אַ נייעם לייברעריען, דריקען אויס אונזער בעס־טען דאַנק און וואונש אַז ער זאָל זיין געזונד זיין לעבענס־לאַנג פאַר זיין איבערגעבענהייט און אַרבייט צו די פאַציענטען און לייברערי.

די פאַציענטען פון אַ. ר. סאַניטאַריום.

---

מיר דריקען אויס אונזער הערצליכסטען דאַנק צו אונזערע פריינ־דע סעם קלאפּערמאַן, טשערמאַן, איזידאָר קאַלעמרא, פינ. סעק., סעם האָלצמאַן, רעק. סעק., פאול טשערי, טרעזשורער, בעני פריידין, פון באָארד און קאנדידייטס, פאַר זייערע פיעלע יאָהרען וויכטיגע און טעטיגע אַרבייט אין דעם ברענטש, און מיר האָבען אַז זיי וועלען נימ אָפּשטעהן פון צו טאָן אַרבייט אויף ווייטער.

אויך האָפען מיר, אַז די נייע אָפיסערס וועלען אויך טאָן זייער פליכט נים ווענינער ווי די אַלטע האָבען געטאָן.

נ. בעסס, ס. קיסין, רעס. קאָמ. בר. 413 אַ. ר.

---

מיר דריקען אויס אונזער הערצליכען דאַנק צו אונזער פריינד ה מייערס פאַר זיין טרייער אַרבייט די לעצטע 5 יאָהר פאַר אונזער ברענטש און פאַר'ן אַ. ר. אין אַלגעמיין. מיר ווינשען איהם גליק אין זיין נייער היים אין וואַשינגטאָן.

ברענטש 575 אַ. ר.

---

ביי אַ גוט־באזוכטען מיטינג פון בר. 435 איז באשלאָסען גע־וואָרען אויסצודריקען אַ הערצליכען דאַנק צו דער אראנדזשמענט קאָמ. פון באַנקעט, פון 15טען דעצ., אין גאָלדען האָלל. אַ דאַנק דער וואונ־דערבאַרער אראנדזשמענט פון דיעזער קאָמיטע, וואָס איז באשטאַנען פון פר. גרינבערג, פר. גאָלדין, פר. גאָלדפאָרב, פר. יאסאָוויטש און פר. י. פאָלאַק, איז די טרעזשורי פון ברענטש רייכער געוואָרען מיט קאַרגע 80 דאָלאר, און עס איז געזאַמעלט געוואָרען 42 דאָלאר פאַר די מלחמה־ליידענדע. עס איז אויך באשלאָסען געוואָרען צו פרע־זענטירען דעם געוועזענעם פינאַנס סעק., פר. קאַהען, מיט אַ ווערט־פולער מתנה פאַר זיינע טרייע דיענסטען און אונבאגרענצטער איבער־געבענהייט צום אַ. ר. בכלל און צום בר. בפרט.

ב פאַקטאָראָף, פינ. סעק.

---

מיר דאַנקען אונזער געוועזענעם סעק., פר. עהרליך, פאַר די גוטע אַרבייט וואָס ער האָט געלייסטעט אונזער בר. און האָפען אַז זוויטער וועט ער אויך טאָן די גוטע אַרבייט.

מיט גרוס, ד. גאָלדשטיין, רעז. קאָמ. בר. 140.

---

מיר דריקען אויס אונזער בעסטען דאַנק צו אונזערע געוועזענע בעאַמטע, י. ראָזענוואַלד, רעק. סעק., סאלאמאָן סאליד, פינ. סעק., פּ. סיימאן, טרעזשורער, און נ. ווײנבערג, האָספּיטאלער, זוי אויך צו אונזער געטרייען פר. און טיכטיגען מיטאַרבייטער פר. האלענד, וואָס האָט אַלס טשערמאַן דורכגעפיהרט די אינסטאַלײשאן אויף דעם בעס־טען אַרט. מיר ערוואַרטען פון אונזערע נייע בעאַמטע, י. ראָזענוואַלד, פינ. סעק., מ. העריסאָן, פּראָט. סעק., פּ. סיימאן, טרעזשורער, און פּ. פרידמאַן האָספּיטאלער, גוטע און ערפאָלגרייכע אַרבייט. אויך ווילען מיר דאַנקען אונזער פר. ד. מעקסוויל פאַר געבען אונז זיין וואוינונג פאַר דער אינסטאַלײשאן.    י. ראָזענוואַלד, פינ. סעק. בר. 162.

---

מיר גיבען אונזער הערצליכען דאַנק צו אונזער פריינד י. גאָלד־מאַן, עקס פינ. סעק. מיר דאַנקען איהם אין נאָמען פון בר. 391 פאַר זיינע 8 יאָהר גוטע אַרבייט פאַר דעם ברענטש. מיר האָפען און גלוי־בען, אַז ער וועט אין דער צוקונפט אויך פיעל גוטע אַרבייט אויפטאָן.

בענ. מענבע, דוד סילווערשטיין, לואיס גרינבוים, קאָמ.

---

מיר דריקען אויס אונזער הערצליכען דאַנק און אנערקענונג פאַר די גוטע אונערמיעדליכע אַרבייט, וואָס פריינד ל. קאפּלאן, אונזער גע־וועזענער סעק., האָט געלייסטעט פאַר די לעצטע 4 און אַ האַלב יאָהר, וואָס האָט געבראַכט דעם ברענטש צו אַ גוטען פינאַנציעלען צושטאַנד און אויך צו אַ פיעל פאַרגרעסערטער מעמבערשיפּ. מיר רעקאָמענ־דירען אויך צום בר., אַז פריינד ל. קאפּלאן זאָל ווערען פּרעזענטירט מיט אַן אנדענקונג פאַר זיין גוטע אַרבייט.

ג. ראָזענבוים, רעז. קאָמ.

---

נעהמענדיג אין אנבאטראַכט, אַז פריינד קאזאָווסקי, וועלכער איז געוועזן סעק. און איז אויך געוועזן זעהר אַ טעטיגער מעמבער אין אונזער בר., האָט געמוזט פאַרלאָזען די שטאָדט, זיי ער באשלאָסען אויסצודריקען אַן עפענטליכען דאַנק צו פר. קאזאָווסקי פאַר זיין צייט און ענערגיע, וועלכע ער האָט געלייסטעט דעם אַ. ר. מיר האָפען אַז אויך דאָרט וואו ער איז יעצט וועט ער פאָרטזעצען זיין טעטיגקייט אין דעם קאַמף פאַר דער באפרייאונג פון אַרבייטער־קלאַס.

בר. 92 אַ. ר.   י. טיישאָף, סעק., וואשינגטאָן, ד. ק.

---

### באַגריסונגס־רעזאָלוציאָן

מיר, די פּוכאָוויטץ קאסעווער ראַדיקאַלער ברענטש 259 אַ. ר., פאַרזאַמעלט ביי אַ ספּעשעל מיטינג, פרייטאג דעם 15טען נאָוועמבער, באשליסען איינשטימיג צו גראַטולירען די סאָציאַליסטען פון דייטש־לאַנד פאַר אַרונטערוואַרפען די יונקערשע רעגיערונג, און מיר פאַר־לאַנגען אויך פון דער נאַצ. עקז. פון אַ. ר. זי זאָל, אין נאָמען פון איהר גרויסער מעמבערשיפּ, באגריסען די סאָציאַליסטישע רעגיערונג פון דייטשלאַנד.

גאָלדמאַן, א. סטיינזער, סעקרעטערס.

# בריעף אין רעדאקציע

## מיינונגען און פארשלעגע וועגען „פריינד"

ווערטהער פריינד רעדאקטאר:

עס איז פיליכט נאריש פון מיר איבערצו'חזר'ן דאס, וואס פאר־שיעדע פריינד האבען אריינגעשריבען אין זייערע בריעף אין דער רעדאקציע, אבער עס ווילט זיך אונטערשטרייכען, אז איהר זאלט אנהאלטען די פאליסי, וואס איהר האט זיך גענומען דורכפיהרען. דער „פריינד" דארף זיין א זשורנאל צוגעפאסט צו א ברייטערער מאסע און מעהר ארגאניזאציאנס־מעסיג ווי די „צוקונפט" איז. איך לעז ביידע זשורנאלען און גלויבט מיר, פריינד רעדאקטאר, עס איז נאך פאראן אפילו פלאץ פאר א וועכענטליכען זשורנאל, וואס זאל נישט זיין אזוי שווער פארדייליך, ווי די „נייע וועלט" איז, אבוואהל איך בין איהרער א גרויסער אנהענגער.

א קריטישע אפטיילונג פעהלט דאך אין „פריינד". איך פאר־שטעה, אז איהר שטיקט זיך און ווערגט זיך מיט פלאץ. איך קען עס זעהען פון אייערע שטענדיגע ענטפערים אין בריעף־קאסטען, אז איהר לעגט אפ פיעלע זאכען און קארעספאנדענצען, אבער אויב אן אפ־טיילונג ווערט באטראכט פאר אונבאדינגט נויטיג. פארוואס זאל נישט דער „פריינד" פארגרעסערט ווערען מיט נאך א צעהן זייטען?

מיינע בעסטע ווינשע אייך און א הערצליכען דאנק פאר דער אויסגעצייכענטער רעדאקציאן.

מיט אכטונג, אייער דוד סג"ל, ניו יארק.

---

זעהר געעהרטער חבר י. ב. ביילין, רעדאקטאר פון „פריינד":

ערלויבט מיר עטליכע ווערטער וועגען דעם „פריינד„ אונטער אייער רעדאקציע: עס איז קיין צווייפעל נישט מעהר ביי יעדען א. ר. מיטגליעד, וועלכער האט א בעסערען געשמאק, אז דער „פריינד" איז פיעל, זעהר פיעל בעסער, ווי ווען עס איז פריהער. שוין דאס אליין, אז לעזער געפינען פאר נויטיג זיך אדורכצורעדען מיט דער רע־דאקציע און מען הערט פארשיעדענע מיינונגען — דאס אליין ברענגט אריין פרישקייט און לעבען און דאס באווייזט אייך דעם געהעריגען אינטערעס, וואס מען האט. איך מוז אויסדריקען מיין פולע אנער־קענונג און טיעפע אכטונג פאר די גוטע לעזעשטאף, וואס מען געפינט יעצט אין דעם „פריינד". איך דענק אבער, אז עס וואלטען זיך געפאסט א רייהע ארטיקלען וועגען דעם, ווי אזוי זיינען די אייראָ־פעאישע ארבייטער ארגאניזירט פאר פארזיכערונגס־צוועקען. דאס וואלט די לעזער פון „פריינד" פיעל אויסגעבילדעט אין דער גאנצער פראגע וועגען פארזיכערונג. עס וואלט אויך נויטיג געווען, אז אין „פריינד" זאלען זיך דרוקען פאפולערע ארטיקלען איבער מוזיק און קונסט. דאס וועט פארפיינערען דעם געשמאק פון אונז, פארהארע־וועטע ארבייטער.

מיט חבר'שען גרוס צו אייך, אייער לעזער
בעריש קאנטר, פון בר. 192, פעטערסאן.

---

ווערטהער פריינד רעדאקטאר, י. ב. ביילין:

ערלויבט מיר אייך צו באגריסען מיט דער רעדאקציאן פון דעם „פריינד", וועלכע איך באמערק די לעצטע צייט איז גאר אין אן אנ־דערער אינטערעסאנטערער ריכטונג ווי ווען עס איז פריהער. עס איז יעצט ביי מיר געווארען דער „פריינד" אזוי טייער און וויכטיג, ווי וויכטיג און טייער עס איז פאר מיר צו באלאנגען צום א. ר. איך געפין אין איהם לעזעשטאף ווי אין דעם בעסטען זשורנאל, וואס מיר האבען. א הערצליכען דאנק אייך!

מיט פריינדליכען גרוס
בעני פרענקעל, פילאדעלפיא בר. 142.

---

ווערטהער רעדאקטאר פון „פריינד":

איך האב שוין דעם „פריינד" ניט געלעזען מעהר ווי דריי יאהר. עס האט מיך ניט געאהרט, ווייל עס איז ניט געווען פיעל וואס צו לעזען אין איהם. אבער איבערלעזענדיג די לעצטע אויסגאבע, בין איך געווען איבערראשט צו זעהען וואס פאר א רייכען זשורנאל איהר האט געמאכט פון „פריינד", וועלכער איז מעהר ניט געווען פריהער ווי א בולעטין פאר בעריכטען מיט ציפערען. אבער יעצט איז ער א מעגעזין פון וועלכען מען קען פיעל לערנען און האבען פארגע־ניגען, פאר וואס עס קומט אייך ווירקליך, גענ. ביילין, א קאמפלימענט. אלזא מעהר וויל איך ניט פארפעהלען צו לעזען דעם „פריינד. ביטע שיקען רעגעלמעסיג.

מיט גענאסענשאפטליכען גרוס,
סעם בורמאן, לאס אנדזשעלעס, קאל.

---

ווערטהער פריינד ביילין, רעדאקטאר פון „פריינד":

ערלויבט מיר אויסצודריקען מיין צופריעדענהייט ווי דער „פריינד, ווערט רעדאגירט פאר די לעצטע עטליכע מאנאטען. ווי נאר איך האב ערהאלטען דעם ערשטען נומער „פריינד" אונטער דער נייער רעדאקציע בין איך באגייסטערט געווארען. איך האב אבער ביי זיך באשטימט אפצואווארטען ביז איך וועל זעהן עטליכע נומערען, און יעצט דריק איך אויס מיין צופריעדענהייט און ווינש אז איהר זאלט אזוי אנהאלטען כסדר און איהר וועט געוויס קריגען די אנערקענונג פון אלע מעמבערס פון א. ר. דערמיט וואס ער וועט געלעזען ווערען פון אלעמען.

מיט פריינדליכען גרוס
דזש. פאוולאוו, מעמבער פון בר. 110 א. ר.

---

ווערטהער פריינד רעדאקטאר:

איך־באנוץ זיך מיט די פאלגענדע שורות צו באדאנקען די עדיוקיישאנאל קאמיטע פאר די גרויסע און גרינדליכע ענ־דערונגען, וואס זי האט געמאכט אין דער רעדאקציאן פון „פריינד". עס איז ווירקליך געווארען אן ארבייטער זשורנאל אין פולען זינען פון ווארט. זיין שטרענג סאציאליסטישע ריכטונג, זיין ברייטען קוק אויפ'ן לעבען, זיין אלזייטיגע פארשיעדנארטיגקייט שטעלט איהם אוועק אין דער ערשטער רייהע. פון די בעסערע אידישע זשורנאלען.

דענקט ניט די עדיוקיישאנאל קאמיטע, אז די בעלעטריסטישע אפטיילונג איז נאך אלץ ניט פראפארציאנעל גלייך מיט דער וויסענ־שאפטליכער און פובליציסטישער אפטיילונג? אויב איהר קענט זיך פארגינען צו געבען אזא שווערע סעריע ווי פיליפ קראנץ'ס „ווי אזוי מיר דענקען", מעגט איהר אויך שוין פון צייט צו צייט אריינווארפען א שווערערע בעלעטריסטישע זאך, ווי פרץ הירשביין'ס, אפאטאשו'ס, מאני לייב'ס און נאך אזעלכע.

אין אלגעמיין קומט אייך א הערצליכען דאנק פאר דער נייער ריכטונג און די אויפריכטיגקייט מיט וועלכע איהר פיהרט איין די פארבעסערונגען.

ערגעבענסט אייערער
מ. פאלק, בראנקס, נ. י.

---

### א יאהר ארבייט פון ברענטש 198 ארבייטער רינג אין האבאקען.

ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס דער יאהר 1918 איז געווען ניט קיין גינסטיגער אין אלגעמיין, און ספעציעל פאר דעם ארבייטער רינג, און אלס א צוגאב די עפידעמיע, וואס אונזער ברענטש האט זעהר פיעל געליטען סיי אין קראנקע און אין טויטע, פונדעסטוועגען האבען מיר זיך אפגערופען אויף אלע אויפרופען פון דער נאציאנאלער עק־זעקוטיוו און אויך אויף אלע אנדערע אפיעלען, וואס איז צו אונז אפעלירט געווארען. מיר האבען בייגעשטייערט צום 25 טויזענד דאלאר פאנד פאר די מלחמה קרבנות 275 דאלאר, פאר דעם מיליאן דאלאר פאנד 56.25$, פארשיעדענע אנדערע שטיצעס ארום 100 דאלאר, געשטיצט אונזערע 2 מעמבערס ארום 800 דאלאר, און צו דערזעלבער צייט האבען מיר אויך אויף דעם געביעט פון עדיוקיישאנאל ארבייט געטאן וויפיעל עס איז מעגליך געווען לויט נאך די אומשטענדען. מיר האבען געהאט פארשיעדענע דעבאטען און דיסקוסיאנען פון אייגענע מעמבערס און אויך מעמבערס פון אנדערע ברענטשעס. מיר האבען געקויפט דעבס בראשורען, קארל מארקס יובילעאום אויסגא־בען, די אויסגאבען פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע, 28 סעטס פון די זיבען ביכער, געפייערט א 10־יעהרליכען יובילעאום אויף דעם גרויס־ארטיגסטען אופן, געפייערט דעם זיעג פון דער דייטשער און עסטרייכער רעוואלוציאן מיט א גרויסען קאנצערט און ענטערטיינמענט פאר די מעמבערס מיט זייערע פרויען, געגרינדעט א מוזיקאלישען אר־קעסטער פאר אונזערע מעמבערס, וואס צייגט זיך ארויס צו זיין אן ערפאלג. אין מאנאט דזשון וועלען מיר פייערען דעם 1טען יעהר־ליכען יובילעאום. צו דערזעלבער צייט האבען מיר געהאט זעהר א גרויסען ערפאלג אין אריינגעהמען נייע מיטגליעדער.

| | |
|---|---|
| מעמבערס אם 1טען יאנואר 1918 | 113 |
| נייע מעמבערס אריינגענומען | 84 |
| מיט טרענספערס | 4 |
| צוזאמען | 201 |
| געשטראכען | 5 |
| טרענספערס ארויסגעגעבען | 4 |
| געשטארבען | 8 |
| פארבליבט מעמבערס אם 1טען יאנואר 1919 | 189 |

אויסערדעם האבען מיר שוין אייניגע מעמבערס אויפצונעהמען אויף דעם נעקסטען קווארטאל.

מיר זיינען אימער באריט צו טאן גוטע ארבייט פאר דעם אר־

מיט פריינדליכען גרוס
ס. באסקין, סעק.

# פון אונזער קאָרעספּאָנדענץ-טיש

### ערשטער האַלב־יעהרליכער ראַפּאָרט פון דער ניו יאָרק סיטי אָרג. קאָמ. אַ. ר.

אייגענטליך וואָלט דער ראַפּאָרט געדאַרפט צו הייסען אַ פערטעל־יעהרליכער, ווען מען זאָל נעהמען אין אָנבאַטראַכט, אַז מיר האָבען זיך אינסטאַלירט דעם 10טען סעפּט., און איידער מיר האָבען נאָך צייט געהאַט זיך נעהמען צו דער אַרבייט, איז אונזער אַרבייט באַלד געשטערט געוואָרען. די עפּידעמיע האָט אויסגעבראָכען און מיר האָבען גאָר נישט געקענט טון ביז אין מיטען מאָנאַט פון נאָוו., דאָס הייסט אונזער אַרבייט האָט זיך ממש אָפּגעשטעלט פאַר 2 מאָנאַטען. אָבער אין די עטליכע מאָנאַטען, וואָס מיר האָבען יאָ געאַרבייט, דענקען מיר, אַז מיר האָבען פיעל אויפגעטון אין אַלע הינזיכטען, הן אין אָרג. אַרבייט והן אין דער רעליעף אַרבייט.

סאָציאַליסטישען קאַמפּיין. מיר האָבען אויפגענומען די אַרבייט און ביז אַ געוויסען גראַד האָבען מיר געהאַט ערפאָלג. מיר האָבען אַגיטירט אין די בראַנטשעס פאַר׳ן מיליאָן דאָלאַר פאָנד און מיר האָבען אויך פיעל געהאָלפען אין דעם קאַמפּיין.

מלחמה קרבנות. מיר האָבען אַגיטירט אין די בראַנטשעס זיי זאָלען שטיצען דעם רוף פון דער נאַצ. עקז. פאַר דעם 25 טויזענד דאָלאַר פאָנד. די נ. י. בראַנטשעס האָבען זיך גאַנץ וואַרים אָפּגערופען. מאַנכע בראַנטשעס האָבען געגעבען מעהר און מאַנכע ווענינער, אָבער אין אַלגעמיין האָבען זיי אַ גאַנץ גרויסע סומע בייגעשטייערט צום 25 טויזינד דאָלאַר פאָנד.

אָרג. אַרבייט. מיר האָבען זיך גענומען צו דעם קאַמפּיין פאַר נייע מעמבערס מיט דעם צוזאָג, אַז מיר מוזען זעהן איבערשטייגען דעם רוף פון דער נאַצ. עקז. פאַר 70 טויזענד מעמבערס ביז 75 טויזענד און ווען מעגליך נאָך מעהר. ווי די רעקאָרדס צייגען, וועלען מיר דאָס אויספיהרען. מיר האָבען גערופען באַראַטונגס־מיטינגען מיט די סעקרעטערע און טעטיגע מעמבערס פון דעם אַ. ר. אין אַלע טיילען פון שטאָדט. מיר האָבען זיך מיט זיי דורכגערעדט און זיי געצייגט די נויטווענדיגקייט צו פאַרגרעסערען אונזער מעמבערשיפּ, אַזוי אַז דער אַ. ר. זאָל שפּיעלען די גרעסטע ראָלע אין דער אַרבייטער־באַוועגונג. זיי האָבען אונז פאַרשפּראָכען צו העלפען אין דער אַרבייט. און ווי עס צייגט זיך אַרויס, האָבען זיי זייער וואָרט געהאַלטען. זיי אַרבייטען נאָך יעצט אויך און מעגליך אַז ביז צום קאָנוועגשאָן וועלען מיר האָבען די געווינשטע צאָהל מעמבערס. נאַטירליך הייסט דאָס נישט, אַז מיר האָבען שוין אַלעס אָפּגעטון און מיר מעגען שוין זיצען אין דער הייט מיט ליידיגע הענט. אַ, ניין. מיר מוזען די אַרבייט פאָרטזעצען און נישט נאָכלאָזען. מיר האָפען, אַז די מעמבערס פון אַ. ר. וועלען נישט בלייבען שטעהן אין מיטען דער אַרבייט, נאָר זיך נעהמען מיט נאָך מעהר ברען פאַר די נעקסטע 2 מאָנאַטען און מיר וועלען זיכער קומען צו דער 19טער קאָנווענשאָן אין דעטראָיט מיט 75 טויזענד מעמבערס און פיליכט מיט נאָך מעהר.

באַזוכט בראַנטשעס. מיר האָבען פאַר דער צייט באַזוכט כמעט אַלע בראַנטשעס אין גרייטער ניו יאָרק. אין מאַנכע בראַנטשעס האָבען מיר פאַרשיעדענע מיספאַרשטענדניסע אויסגעגליכען. איינינע בראַנטשעס, וואָס האָבען אַליין נישט געקענט עקזיסטירען, האָבען מיר פאַראייניגט מיט אַנדערע בראַנטשעס. מיר האָבען מעהרערע בראַנטשעס געפּרובט צו העלפען זיי לעבעדיג מאַכען און אָנגעווענדעט אַלע מעגליכקייטען, אַז די בראַנטשעס זאָלען האָבען באַזוכטע מיטינגען. מיר האָבען די מעמבערס פאַראינטערעסירט זיי זאָלען אָפט באַזוכען די מיטינגען.

נייע בראַנטשעס. אויף דעם געביעט פון נייע בראַנטשעס האָבען מיר, כמעט, נישט פיעל אויפגעטון. ביז יעצט האָבען מיר אין גאַנצען אינסטאַלירט 4 בראַנטשעס. אָבער מיר פאַרהאַנדלען מיט מעהרערע „סאָסייעטיס“ און מיר ערוואַרטען נעקסטען מאָנאַט איינינע צו אינסטאַלירען אַלס אַ. ר. בראַנטשעס. מיר זיינען זיכער, אַז צום קאָנווענשאָן וועלען מיר קומען מיט אונגעפעהר 10 ביז 12 נייע בראַנטשעס.

אַ. ר. לייסעאום. מיר האָבען אויף אונזער טאָגעס־אָרדנונג געהאַט די פראַגע וועגען שאַפען אַן אַרבייטער רינג הוים פאַר די לעצטע צוויי יאָהר. מיר האָבען אָבער לעצטען יאָהר געמוזט די פראַגע אויפגעבען צוליעב דער מלחמה. יעצט האָבען מיר די פראַגע ווידער אויפגענומען און צוזאַמען מיט מעהרערע אַ. ר. בראַנטשעס, וואָס זיינען פאַראינטערעסירט אין דעם, וועלען מיר פּרובען ביים קאָנפערענץ זיך דורכצורעדען מיט די מעמבערס פון די איבריגע בראַנטשעס און זעהן, אַז אַזאַ הוים זאָל געשאַפען ווערען. מיר דענקען, אַז די צייט איז שוין געקומען, דאָס דער אַ. ר. זאָל האָבען אַן אייגענע הוים. דער אַ. ר. איז שוין גרויס גענוג פאַר דעם. די לעצטע צייט איבערהויפּט האָט אונז געצייגט, אַז מיר מוזען האָבען אייגענע פּלעצער פאַר מאַססמיטינגען, לעקטשורס אַ. אַ. וו. מיר קענען דאָס יעצט דורכפיהרען אָהן וועלכע עס איז שוועריגקייטען. מיר האָפען, אַז די דעלעגאַטען וועלען זיך באַציהען ערנסט צו דער פראַגע און אונז העלפען אויספיהרען דאָס, אין וואָס דער אַ. ר. נויטיגט זיך יעצט אַזוי שטאַרק — אין אַן אַ. ר. לייסעאום.

אַלזאָ, פריינדע דעלעגאַטען, מיר האָבען אייך אין קורצען געגעבען אַן איבערבליק איבער אונזער טעטיגקייט פאַר די לעצטע עטליכע מאָנאַטען און עס בלייבט פאַר אייך צו אורטיילען, אויב די אַרבייט איז פאַר אייך צופריעדענשטעלענד. מיר דאַנקען די מעמבערס פון דעם אַ. ר. פאַר העלפען אונז אָנפיהרען די אַרבייט. מיר ווילען פאַר זיך דעם קרעדיט נישט נעהמען. אויב מיר האָבען פאַרדיענט וועלכען קרעדיט, איז דאָס אַ דאַנק דער נאַצ. אָרג. קאָמיטע און אויך די מעמבערס פון אַ. ר. אין אַלגעמיין.

א. לאַנגער, סעק.

---

### באַריכט פון דער האַלב־יעהרליכער וויסקאָנסין סטייט־קאָנפערענץ.

זונטאַג, דעם 1טען דעצעמבער 1918, איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען די האַלב־יעהרליכע קאָנפערענץ אין מילוואָקי, אין נאָרד־סייד אוי־דיטאָריום. עס זיינען פאַרטראָטען: בר. 166, מילוואָקי, דורך 2 דעלעגאַטען; בר. 269, שעיבאָיגען, דורך 1 דעלעגאַט; בר. 425, מילוואָקי, דורך 2 דעלעגאַטען; בר. 432, ריסין, דורך 1 דעלעגאַט; בר. 484, מילוואָקי, דורך 2 דעלעגאַטען, און בר. 749, מעדיסאָן, דורך 1 דעלעגאַט. פר. ראַסקין, נאַציאָנאַלער דירעקטאָר פון וויסקאָנסין סטייט, ווערט ערוועהלט אַלס טשערמאַן, און פר. ס. פּלאַווניק, בר. 432, ריסען, אַלס סעקרעטער. פר. ראַסקין עפענט די קאָנפערענץ און בעט אַלע דעלעגאַטען, אַז זיי זאָלען זעהען זיך אַרויסצוזאָגען אין אַ קלאָרער שפּראַך און אָנצייגען די אַלע פעהלערען וואָס ס׳קאָנען פאַרבעסערט ווערען אין דער צוקונפט, צום וואָהל און בעסטען פאַר׳ן אַ. ר. אין סטייט, ווייל מיר האָבען היינט אַ גרויסען גאַסט, און דאָס איז פר. אב. עפּשטיין, דער טשערמאַן פון אַ. ר., וועלכער איז ספּעציעל געקומען הערען און זעהען וואָס ביי אונז טוט זיך. עס איז געווען ווי אַן אָנצוהערעניש, אַז מיר האָבען דיעזען מאָל אַן עקזאַמען, און ביי יעדען דעלעגאַט האָט דאָס האַרץ געקלאַפּט, טאָמער האַלט די סטייט נים אויס איהר עקזאַמען.

פר. ראַסקין באַריכטעט, אַז די לעצטע קאָנפערענץ אין קענאָשאַ האָט זיי איבערגעגעבען דורכצופיהרען וויכטיגע באַשליסע, ווי וועגען דעם מיליאָן דאָלאַר פאָנד פאַר דער ס. פּ., ווי אויך דורכצופיהרען דעם קאַמפּיין פאַר די 70 טויזענר מעמבערס צו דער נעקסטער קאָנווענשאָן. צוליעב דער אונגינסטיגער צייט און שרעקליכער מלחמה, ווען די בעסטע און וויכטיגסטע טוער זיינען אַוועקגענומען געוואָרען, איז פשוט נים געווען מער עס זאָל אַרבייטען. די שרעקליכע מגפה, וועלכע האָט געבושעוועט אין מילוואָקי, האָט אויך פיעל געשטערט: מען האָט נים געמיטעט, מען האָט אין ערגעץ נים געקאָנט געהן, נאָר נאָך דעם אַלעמען האָט זיך דאָך איינגעגעבען צו שאַפען אַ סומע נאָהענט פון 100 דאָלאַר, וועלכע איז אָפּגעשיקט געוואָרען צום דזש. אָפּיס.

דער קאַמפּיין פאַר די 70 טויזענד נייע מעמבערס צו דער נעקסטער קאָנווענשאָן איז שוין געווען מעהר ערפאָלגרייך: זיי האָבען זיך אַריינגעוואָרפען מיט דער גאַנצער קראַפט און דורכגעפיהרט אַ רייהע מאַס־מיטינגען. זיי האָבען אויך דורכגעפיהרט דעם באַשלוס פון דער לעצטער קאָנפערענץ, וועגען אַרויסגעבען אַ זשורנאַל. ער איז שוין פאַרטיג און איז זעהר אַ געלונגענער נאָך די אומשטענדען. ער וועט פאַרטיילט ווערען פריי אין יעדער אידישער הויז און שטאָדט, וואו נאָר אַן אַר. רינג בראַנטש געפינט זיך.

דער סאָציאַליסטישער געזאַנגס פעראיין האָט זיך אָנגעשלאָסען אַן אַר. רינג, ווי אויך דער אידישער סימפאָני אָרקעסטער און דער דראַמאַטישער פעראיין פון מילוואָקי. פאַרמאָגענדיג דיעזע דריי קונסט־אָפּטיילונגען, איז צו האָפען, אַז דאָס וועט פיעל העלפען דעם אַר. רינג אין מילוואָקי. זיי האָבען אויך אָרגאַניזירט ספּעציעלע קאָמיטעס אויף אויפצונעמען נייע מעמבערס און זיי האָבען ערפאָלג. זיי האָבען דורכגעפיהרט צוזאַמען מיט דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אַ גרויסען ערפאָלגרייכען פּראָטעסט־מיטינג פאַר מוני׳ן. ביים מיטינג איז געמאַכט געוואָרען אַ קאָלעקשאָן, וואָס האָט אַריינגעטראָגען $19.25 און איז איבערגעגעבען געוואָרען צו דער דעפענס קאָמיטע.

ער פאַרענדיגט דעם ראַפּאָרט מיט׳ן צושטאַנד פון די פינאַנסען און דריקט אויס די האָפנונג, אַז אויפ׳ן נעקסטען האַלב־יאָהר וועט אַלץ פאַרבעסערט ווערען. דער ראַפּאָרט ווערט איינשטימיג גוטגעהייסען און די סיטי קאָמיטע ווערט באַדאַנקט פאַר איהר גוטער אַרבייט.

פאָלגענדע ווערען ערוועהלט אַלס בעאַמטע פאַר׳ן נעקסטען האַלבען יאָהר: א. ראַסקין, בר. 484, פינאַנס און קאָרעספּאָנדינג סעק.; פר. ספּעקטאָר, רעק. סעק., און פר. ד. בראַון, טרעזשורער.

די באַריכטען פון די בראַנטשעס:

פר. וואָלפערט, בר. 166, באַריכטעט: זיי צעהלען 58 גוטשטעהענדע מעמבערס, האָבען אַ גרויסען לאָאַן פאָנד און אויסגעליהען צו

זייערע מעמבערס פאַר איין יאָהר נאָהענט פון 13 הונדערט דאלאר. די מיטינגען ווערען נים שלעכט באזוכט, עס שלאָגען זיך פאָר נייע מעמבערס, און אין אַלגעמיין ווערט עם אַביסעל פרעהליכער אין זייער ברענטש, ספּעציעל ווי די מלחמה האָט געסטאָפּט.

פר. מ. יאפפע, בר. 269, שעבאָיגען, באריכטעט: זיי צעהלען 70 גוטשטעהענדע מעמבערס, די מיטינגען ווערען באזוכט נים שלעכט, די מעמבערס ווייזען אַרויס אַ גרויסען אינטערעס צום אַר. רינג, נאָר די איינציגע צרה איז, וואָס פינאַנציעל זיינען זיי שוואַך, ווייל די לייבערי, וואָס זיי דאַרפען אויסהאַלטען, עסט אויף זייער גאַנצען פערמעגען (מיט דער לייברערי באנוצט זיך די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג אין שעבאָיגען).

פר. וויסמאן, בר. 425, באריכטעט: זייער ברענטש איז נים ערגער פון אַלע אַנדערע. זיי פאַרמאָגען 50 גוטע מעמבערס, גוטע דיוס־צאָהלער. פאַר דער לעצטער צייט באזוכען זיי גאַנץ אָפט זייערע מיטינגען, אינטערעסירען זיך מעהר מיט'ן אַ. ר., און ווי עס ווייזט אויס, ווערט לעבעדיגער אין זייער ברענטש, אַ דאַנק איניגע אַלטע טוערס, וועלכע זיינען געוואָרען צוריק מעטיג.

פר. ס. פלאַוויניק, בר. 432, ראסין, באריכטעט: מיר האָבען אַ פרעהליכערען באריכט ווי לעצטען מאָל, ווען דער ברענטש האָט געהאַטען ניט אַזוי יום־טוב'דיג. ראסין איז געגליכען צו אַ האָטעל. עס איז אַ דורכפאָהר־שטאָדט און עס האָט זיך גראַדע יעצט געמאַכט, אַז עס זיינען אָנגעפאָהרען גוטע געסט, און דער אַ. ר. האָט גענומען וואַקסען. זיי געהען באַלד מאַכען אַ באַנקעט צוליעב דעם 50טען מעמבער זייערען. זיי האָפען, אַז די געסט וועלען פאַרבלייבען, ווייל נאָך אַלעמען איז ראסין ניט קיין שלעכטע שטעדטעל. זיי האָבען אויך אַ גוטע טרעזשורי. די מיטינגען ווערען שטאַרק באזוכט. זיי האָבען איינגעפיהרט עדיוקיישאָנאל מיטינגען פאַר דער גאַנצער אידישער באפעלקערונג, און וועגען־דעם רעדט מען איצט אין ראסין. נייע מעמבערס קומען צו יעדען מיטינג.

פר. ראַסקין, בר. 484, מילוואָקי, באריכטעט: זייער ברענטש פאַרמאָגט גוטע און וויכטיגע אינטעליגענטע קרעפטען, זייערע מיטינגען ווערען גוט באזוכט, נעמען אנטייל אין אַלע געזעלשאַפטליכע אונטערנעהמונגען, פיהרען אָן אַ שטאַרקען קאַמפּיין פאַר נייע מעמבערס.

פר. סוויפט, בר, 479, מעדיסאן, באריכטעט: זיי צעהלען 40 גוטשטעהענדע מעמבערס, די מיטינגען ווערען גוט באזוכט. זיי האָבען געשאַפען 45 דאלאר פאַר דעם מיליאָן דאָלאר פאָנד און 36 דאלאר פאַר געג. דעבס'עס פאַרטיידיגונגס־פאָנד. זיי האָבען זיך אָנגעשלאָסען אָן דער קאָאָפּעראַטיווער געזעלשאַפט, ווי אויך אָן דער היברו אימיגראַנט אייד סאָסייעטי. זיי פיהרען דורך אָפטע דיסקוסיאָנען ביי זייערע מיטינגען וועגען פאַרשיעדענע פראַגען, ווי אויך וועגען אַ. ר. זיי נעמען אויך לעצטענס אַריין נייע מעמבערס.

נאָך דעם ווי די עלטערע טוער האָבען זיך אַדורכגערעדט וועגען נייע פּלענער פון אַרבייט, בעט די קאָנפערענץ אונזער ווירדיגען גאַסט, פר. א. עפּשטיין, ער זאָל אונז זאָגען אַ פּאָר ווערטער, וואָס ער דענקט וועגען אונז און וועגען אונזער אַרבייט. ער ווערט אויפגענומען מיט באגייסטערונג. אין אַ האַרצפולער רעדע ערקלערט ער אונז, אַז מיר האָבען פאַלשטענדיג אויסגעהאַלטען אונזער עקזאַמען, אַז מיר דאַרפען זיך ניט שעהמען מיט אונזער אַרבייט געגען די גרויסע שטעדט, אַז לויט די אומשטענדען האָבען מיר געאַרבייט פיעל מעהר, ווי מען דאַרף. ער לויבט זעהר אונזער זשורנאַל, ספּעציעל שטעלט ער זיך אָפּ אויף דעם קאַמפּיין פאַר די 70 טויזענד מעמבערס צו דער נעקסטער קאָנווענשאַן, וועגען די וויכטיגקייט און איצטיגען מאָמענט אָנצוהאַלטען די איניגקייט אין אַ. ר. ער רעדט וועגען דער גרויסער אַרבייט פון אַ. ר., וואָס ער טוט אויף פאַרשיעדענע געביעטען: אין העלפען פאַרלינדערען די צרות פון דער מגפה, אין דעם מיליאָן דאלאר פאָנד, אין סאָצ. קאַמפּיין, אין בילדונג פאַר זיינע מעמבערס, זיינע קינדער־שולען, וואָס ער עפענט. ער דערצעהלט אויך וועגען די וואונדער, וואָס אונזער סאניטאריום טוט אויף פאַר זיינע קראַנקע מיטגליעדער, און ער זאָגט, אַז די עקזעקוטיוו קאָמיטע, פון וואַנען ער איז טשערמאַן, טראַכט וועגען אַ פּלאַן צו בויען אַ צווייטען סאַניטאַריום, אָבער ניט פאַר קאָנסאָמפּטיווס, נאָר פאַר די, וועלכע ווערען ניט פאַרזאָרגט פון דעם שטאַאט אויף דער עלטער. ער ענדיגט מיט אַן אַפּיעל צו די אַלטע טוערס פון די ברענטשעס, אַזוי גוט ווי צו די נייע יונגע מעמבערס, אַז מען זאָל פאַרגעסען אַלע קריוודעס און מיט פאַראייניגטע קרעפטען שאַפען אין מילוואָקי און אין סטייט 25 הונדערט מעמבערס פאַר'ן אַ. ר., און מיט די בעסטע ווינשע און האָפנונגען צו זעהן דעם אַ. ר. פון וויסקאנסין סטייט ערפאָלגרייך צום נעקסטען מאָל, ווען איהם וועט אויסקומען צו זיין, שליסט ער די קאָנפערענץ אונטער דונערענדע אַפּלאָדיסמענטען און אַ גראַנדיעזע אָוואַציע דעם באליעבטען פיהרער.

אין אָוונד איז אַראַנזשירט געוואָרען פון דער סיטי קאָמיטע אַ גרויסאַרטיגער קאָנצערט און מאַס־מיטינג מיט'ן גאַסט פר. עפּשטיין אַלס הויפּט־רעדנער, מיט דער מיטווירקונג פון געזאַנגס־פעראיין, דעם סימפאָני אָרקעסטער און דראַמאַטיק קלאָב פון אַ. ר.

ס. פלאַווניק, סעק. וויסקאנסין סטייט קאָנפערענץ.

## ראפּאָרט פון קאָנווענשאן פון האָדסאָן קאונטי ברענטשעס

זונטאג, דעם 26טען יאַנ., איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען די קאָנווענשאַן פון די האָדסאָן קאונטי ברענטשעס פון אַרב. רינג.

פר. מאַנסעט פון דער דיסטריקט קאָמ. עפענט די קאָנווענשאַן מיט אַן אַפּיעל צו די דעלעגאַטען צו אַרבייטען אין האַרמאָניע און פאַרהאַנדלען וויכטיגע אַרבייט פאַר די האָדסאָן און קאונטי ברענטשעס.

אַלס טשערמאַן פאַר דער ערשטער זיצונג ווערט ערוועהלט פר. ס. באַסקין; אַלס וויס־טשערמאַן — פר. בעיטעל; אַלס סעקרעטערע די פריינדע דזש. איזראילעוו, סעם דזשייקאפאף. קרעדענשעל קאָמ.: שלאָסמאן, ראָייטש, נאַידאק; רעזאָלוציאָנס קאָמ.: סאווואף, שאַפּירא, סאלענגאָלד, אזארק, הענקין, מענספילד, בלעקמאן גינסבורג, בלעקמאן, און 2 פון דער דיסטריקט קאָמ.: וואַנסעט, בראון.

נאָך די וואַהלען באגריסען די קאָנוועגשאן אַ פאַרטרעטער פון דער סאָצ. פאַרטיי, פר. אייבראמסאן, און פר שאַפּירא פון דער קאָאָפּעראַטיווער באוועגונג.

דער טשערמאַן שטעלט דערנאָך פאָר פר. עפּשטיין, דעם טשערמאַן פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע פון אַ. ר. אַלס נעקסטען באגריסער.

ער עפענט זיין רעדע מיט דער באמערקונג, אַז דער אַ. ר. עפענט יעצט זיין דיסט. קאָנווענשאַן אָהן דער רויטער פאָהן, אָבער ער האָפט אַז די צייט איז נאָהענט און צום נעקסטען צוזאַמענקומען וועט מען נישט דאַרפען בענקען נאָך דער רויטער פאָהן אין האָל, נאָר די פאָהן פון פרייהייט וועט פלאַטערען אויף אַלע רעגיערונגס־געביידעס פון אַמעריקא.

ער מאַכט אויך אויפמערקזאַם, אַז די פאַרזאַמלונג דאַרף עהרען דעם אנדענקען פון די צוויי סאָציאַליסטישע מאַרטירער פון דייטשלאַנד, קאַרל ליעבקנעכט און ראָזא לוקסענבורג. די דעלעגאַטען שטעלען זיך אויף צו זייער אנדענקען. ווייטער ערקלערט ער, די דיסט. קאָמיטעען טוען זעהר ווענינ אין אַריינגעמען נייע מעמבערס און שלאָגט פאָר, אַז די רעזאָלוציאָנס קאָמיטע זאָל אָננעמען אַ רעזאָלוציאָן, אַז יעדער מעמבער מוז אַריינגעמען אַמווענינסטען איין מעמבער ביז דער קאָנווענשאַן פון אַ. ר. מען דאַרף אויך זעהן, אַז אַלע אַרבייטער יוניאָן־לייט זאָלען פאַרלאָזען די אַלע קאָנסערוואַטיווע לאָדזשעס און אַריינגעהן אין אַ. ר. מען דאַרף האָבען אַ ביוראָ, וואָס זאָל טאָן די אַרבייט. ער דערמאָנט, אַז אונזער סאַניטאריום איז ניט גענוג פאָפולער צווישען די ברייטע מאַסען.

ער דענקט, אַז עס איז/שוין אויך צייט צו טראַכטען וועגען אַ מושב־זקנים און בית־יתומים פאַר'ן אַ. ר. און שליסט מיט די ווערטער, אַז ווען מען וועט פאַרהאַנדלען וועגען די אַלע פראַגען זאָל מען נים פאַרגעסען די מלחמה קרבנות אויף יענער זייט ים.

די פראַגע פון געזעלשאַפטליכע אַרבייט ווערט איינגעלייטעט פון פר. מאנסעט פון דער דיסטריקט קאָמ. ער לייגט פאָר צו גרינדען אין דעם דיסטריקט אַ ליטעראַרישען און דראַמאַטישען קלאָב, אַ מוזיק אָרעקסטער, און אַ כאָר. די פראַגע ווערט איבערגעגעבען צום צווייטען מיטינג.

אַלס טשערמאַן פון דער צווייטער זיצונג ווערט ערוועהלט פר. אייבראמסאן פון בר. 10.

די צווייטע זיצונג ווערט געעפענט פון פר. אייבראמסאן, מיט דער ערוועהלונג פון פר. שפּיגעל פון בר. 504 אַלס וויס־טשערמאַן.

די קרעדענשעל קאָמ. באריכטעט, אַז עס זיינען פאַרטראָטען 9 ברענטשעס פון דער קאונטי און צוזאַמען מיט די דעלעגאַטען פון דער דיסטריקט קאָמ. — 72 דעלעגאַטען.

עס ווערט באשלאָסען אַלעמען צולאַזען. גענאָסע בלום ווערט צוגעלאָזט אַלס פראַטוירנאל דעלעגאַט פון דז. סיטי אידישען סאָציאַליסטישען ברענטש.

דער פּראָטאָקאָל פון לעצטען מיטינג ווערט גוטגעהייסען.

עס ווערט אויפגענומען די פראַגע פון עדיוקיישאָנאל קאָמ. אַרבייט און עס ווערט ערוועהלט אַ 5־ער קאָמיטע צו טאָן די געזעלשאַפטליכע אַרבייט פאַר האָדסאָן און בוירגען קאונטי. די קאָמ. איז ווי פאָלגט: שטיין, פאַרטנאַי, געלפאַנד, דילאָן, שייפער, מאַנסעט, קאופמאן, קאַרמאן, הורוויץ, קאָהן, ראוטש, שאכמאן, שפּיגעל, ווייסמאן, גינסבורג, פריינקעל.

עס באגריסט די קאָנווענשאן מאַקס באזין אַלס פאַרטרעטער פון בעיאָנער נאַציאָנאַלע ראַדיקאַלע שולע.

פר. י .ב. ביילין, רעדאַקטאָר פון „פריינד“, רעפערירט וועגען די אַרב. רינג שולען און צוליעב דער אפּוועזענהייט פון גענאָסע ליטווין, אויך וועגען דער קאָאָפּעראַטיווער באוועגונג, אָנצייגענדיג, אַז עס איז געקומען די צייט, ווען די אַרבייטער דאַרפען אַריינגעמען די פאַרקויפונג פון לעבענסמיטלען אין זייערע אייגענע הענט, ווי אויך די ערציהונג פון זייערע קינדער.

עס ווערט אויפגענומען אַ קאָמ. פון מושב זקנים פון דזש. סיטי. זיי פאַרלאַנגען, אַז די ברענטשעס זאָלען שיקען דעלעגאַטען צו דער קאָנפערענץ וואָס זיי וועלען האָבען.

עס ווערען אָנגענומען פאָלגענדע רעזאָלוציעס.

1) וועגען קאָאָפּעראַטיווען. אין אנבאטראַכט דאָס קאָאָפּעראַציע איז אַ טייל פון אונזער אַרבייט, און אַז דער סענטימענט פאַר דעם איז זעהר גרויס ביי אונזערע מעמבערס ווי ביי דער אַלגעמיינער אידישער אַרבייטערשאַפט אין אונזער דיסטריקט, און אַזוי ווי אונזער דיסטריקט איז געאָגראַפיש ווי איין שטאָדט — זאָל עס באשלאָסען ווערען צו האָבען איין פאַראייניגטע קאָאָפּעראַטיווע אָרגאַניזאַציע, אין וועלכער עס זאָלען אַריינגענומען ווערען מעמבערס פון אַ. ר., יוניאָנס און ס. פּ. דער אָנפאַנג זאָל געמאַכט ווערען מיט אַ גרויסער בעקעריי, מיט סטאָרס אין אַלע געגענדען פון דיסטריקט.

פאָלגענדע קאָמ. ווערט ערוועהלט פאַר דעם צוועק: קעץ, שטיין, מאַנסעט, סאלענגאָלד, באַסקין, שלייפער, בראון, קאָהן, הענדעלמאַן, דאגאדע, שאכמאן, ניידיג, אַרבייטסמאַן, גינסבורג, בלעקמאן.

2) וועגען בילדונגס אַרבייט. אין אנבאטראַכט, אַז די בילדונגס אַרבייט איז זעהר פאַרנאַכלעסיגט געוואָרען, און דאָס ביסעלע

וואס מען האט געטאן איז אויך געווען אונסיסטעמאטיש, און אין אנבאטראכט, אז בילדונג איז א וויכטיגע א. ר. אויפגאבע, זאל עס באשלאסען זיין צו ערוועהלען א קאמ. פון 15 מיט דער אויפגאבע צו ארגאניזירען סעריעס לעקטשורס פאר אונזער דיסטריקט. אויך ארגאניזירען א זעלבסט־בילדונג־קלאב, וואס זאל האבען די אויפגאבע אונז צו געבען איינלייטערס פאר דיסקוסיאנען פאר אונזערע ברענטש־מיטינגען, ווי אויך פארלעזער און דעקלאמאטארס, און צו גרינדען אן ארקעסטער און א כאר.

3) וועגען ארב. רינג שולען. אין אנבאטראכט, אז די קינדער פון אונזערע מעמבערס קריגען יעצט אזא ערציהונג, דורך וועלכער זיי ווערען פארפרעמדט פון אונז און זאגאר פיינדליך צו אונזערע אידעאלען און פרינציפען, דארום באשליסען מיר צו ארגאניזירען א נעץ פון אידישע סאציאליסטישע טעגליכע שולען פאר קינדער אין אונזערע דיסטריקטס. א קאמ. פון 15 זאל ערוועהלט ווערען דאס דורכצופיהרען. זיי זאלען זיך שטעלען אין פארבינדונג מיט אונזער דזשענעראל עדיוקיישאנאל קאמ., וועלכע זאל זיי העלפען אין דער ארבייט, לויט די באשליסע פון דער לעצטער קאנווענשאן.

אין דער קאמיטע ווערען ערוועהלט פאלגענדע: סעמאף, ראעיפסקי, בעילים, געלפאנד, שקלאר, שייפער, סובים, ארענשטיין, הורוויץ, העניקין, ראוטש, אבארבאנעל, קאהן, וויינער, ראממאן, בלעקמאן.

אזוי ווי עס איז ארייגעטראגען געווארען פון דער רעז. קאמ. צווייטע רעז. וועגען די פינאנס־קוועלען מיט וואס אדורכצופיהרען די ארבייט — איינע פאר א פאנד פון טויזענד דאלאר און איינע פאר 500 דאלאר — באשליסט די קאנווענשאן איבערצוגעבען די פראגע צו א רעפערענדום.

וועגען מלחמה קרבנות. נאכקומענדיג דעם אפיעל פון פר. עפשטיין צו העלפען אונזערע שוועסטער און ברידער, וואס האבען געליטען פון דער מלחמה, רעקאמענדירען מיר צו דער קאנווענשאן, אז די קאונטי אלס א גאנצע פארפליכטעט זיך צו שאפען א סומע פון 1,500 דאלאר פאר די מלחמה קרבנות.

אלס קאמ. ווערען ערוועהלט: קעץ, אייבראמסאן, העניקין, דזש. איזראילעוו, קארמאן, אזארק, בראון, ארבייטסמאן, בלעקמאן, ראיעפסקי, לעווין.

וועגען קאמפיין פאר נייע מעמבערס. אין אנבאטראכט, אז די הודסאן און בוירגען קאונטי האט אימער געארבייט אום אריינצונעהמען וואס מעהר מעמבערס, באשליסט די קאנווענשאן צו שאפען 400 נייע מעמבערס ביז דעם קאנווענשאן פון א. ר. און איינטיילען פראפארציאנעל צווישען די ברענטשעס.

צו האבען א פארטרעטער אין דער נאצ. עקז. אין אנבאטראכט, אז האדסאן און בוירגען קאונטי איז בארעכטיגט צו האבען א פארטרעטער אין דער נאציאנאלער עקזעקוטיווע (זייענדיג נאך ווייניגער ווי 50 סענט קאר־פער פון ניו יארק), ווערט באשלאסען צו ארבייטען אז די קאונטי זאל שיקען א פארטרעטער אין דער נאצ. עקז.

צו פאדערען 100 דאלאר פאר עדיוקיישאנאל ארבייט. אין אנבאטראכט, אז די האדסאן און בוירגען קאונטי האט ניט געטאן קיין עדיוקיישאנאל ארבייט דערפאר, וואס זי האט ניט געהאט גענוג פינאנציעלע שטיצע פון דער עדיוקיישאנאל קאמ., און אין אנבאטראכט, אז די היינטיגע קאנווענשאן האט באשלאסען צו מאן זעהר פיעל וויכטיגע ארבייט, ווערט ער באשלאסען צו פאדערען 100 דאלאר פון דער דזשענ. עדיוק. קאמ. פאר דעם צוועק.

וועגען דער סאצ. פארטיי. אין אנבאטראכט, אז דער ארב. רינג איז א טייל פון דער סאציאליסטישער באוועגונג, זיי עס באשלאסען, אז די ברענטשעס פון א. ר. זאלען אויפפאדערען זייערע מעמבערס צו באלאנגען צו דער סאציאליסטישער פארטיי.

די קאנווענשאן באשליסט צו העלפען פינאנציעל און מאראליש די באלשעוויסטישע ארעסטירטע אין אמעריקא.

די קאנווענשאן באשליסט, אז אזא קאנווענשאן זאל פארקומען יעדע 6 מאנאטען.

אז די האדסאן און בוירגען קאונטי דיסטריקט קאמ. זאל האנדלען אלס אן ארגאניזאציאנס קאמיטע.

אלע באשליסע פון קאנווענשאן זאלען געהן צו רעפערענדום.

פר. א. ש. זאקס שליסט די קאנווענשאן געבענדיג אן איבערבליק איבער אלע פראגען וואס זיינען פארהאנדעלט געווארען און האפט אז אלע באשליסע וועלען דורכגעפיהרט ווערען אין לעבען.

די קאנווענשאן באדאנקט די פריינדע אב. עפשטיין, י. ב. בייליןאון פר. א. ש. זאקס פאר זייערע רעפעראטען. אויך די לוידוס איקזיקוטיווי פון בעיאן און די א. ר. ברענטשעס פון בעיאן פאר דער גוטער אראנדזשמענט פון קאנווענשאן און באנקעט.

ביי דעם באנקעט ווערט געזאמעלט 30 דאלאר פאר די מלחמה־קרבנות.

דזש. איזראילעוו, סעם דזשייקאפאף, סעקרעטערע.

## באריכט פון נוארקער דיסטריקט קאנפערענץ

זונטאג, דעם 19טען יאנואר, האט שטאטגעפונען די האלב־יעהרליכע קאנפערענץ פון נוארקער דיסטריקט, אין ארבייטער רינג און סאציאליסטישער אינסטיטוט.

די קאנפערענץ ווערט ערעפענט פון פריינד שולץ, טשערמאן פון דער דיסטריקט ארגאניזאציאנס קאמיטע.

פריינד העק, פון בר. 107, ווערט ערוועהלט אלס טשערמאן און פריינד לעהמאן, פון בר. 90, אלס סעקרעטער פון דער קאנפערענץ.

עס ווערט באריכטעט, אז צום קאנפערענץ זיינען פארטראטען 87 דעלעגאטען פון 19 ברענטשעס.

נאך א קורצער דעבאטע וועגען די באשליסע פון לעצטען האלב־יעהרליכען קאנפערענץ געהט מען איבער צום טאגעס־ארדנונג.

פריינד סלאווין, סעק. פון דער דיסטריקט קאמיטע, גיט דעם באריכט פון דער דיסטריקט קאמיטע: „ניט קוקענדיג וואס די לעצטע 5 מאנאטען, זינט די נייע דיסטריקט קאמיטע איז אין אמט, האבען מיר דורכגעלעבט די שווערסטע און אומגינסטיגע צייט פאר ארגאניזאציאנס ארבייט — דער נייער דרעפט געזעץ, וואס האט געטראפען אלע אונזערע מעמבערס, און נאך דעם די אינפלוענציע, צוליעב וועלכע עס איז געווען אונמעגליך אפצוהאלטען מיטינגען פון אונזערע מעמבערס, אדער זיי זיינען געווען קראנק, אדער זיי האבען געהאט קראנקע אין זייער פאמיליע. דאס האט זעהר געשטערט די ארבייט פון דער דיסטריקט קאמיטע.

„פונדעסטוועגען האט די דיסטריקט קאמיטע אויפגעטאן זעהר פיעל". דא רעכענט ער אויס א צעטעל פון ארבייט, וואס די קאמיטע האט געטאן, נעמליך: זיי האבען געהאלפען זאמלען פאר'ן מיליאן דאלאר פאנד.

אמת, די קאנפערענץ פאר'ן מיליאן דאלאר פאנד האט פאררופען די אלטע דיסטריקט ארג. קאמיטע, און דעם קרעדיט וואס זיי קומט ווילען מיר ניט קלענער מאכען. אויף אונז אבער איז אויסגעקומען צו העלפען און אוועקשיקען די געלדער אין אפיס.

די דיסטריקט קאמיטע האט באזוכט אלע קאנטרי ברענטשעס און זעהר פיעל נוארקער ברענטשעס, אויף וועלכע מיר האבען גערעדט וועגען דעם מעמבערשיפ קאמפיין, און ניט אהן ערפאלג. דאס קען צייגען דער אנערקענונגס־לעטער, וועלכען מיר האבען ערהאלטען פון דזשענעראל אפיס.

די קאמיטע נוצט אויס אלעמען ווען זי קען נאר, און איבערהויפט דעם ליטעראַרישען קלאב פון נוארק, וועלכער העלפט צו מאכען די פארשיעדענע ברענטש־אונטערנעהמונגען פאר ערפאלג.

אויך האבען מיר באזוכט פארשיעדענע סאסייעטיס און פאראיינען, אויף וועלכע מיר רעדען וועגען ארבייטער רינג. אויב אונז גיט זיך ניט איין צו ארגאניזירען זיי פאר ארבייטער רינג ברענטשעס, קריגען מיר אבער שטענדיג ארויס די בעסערע פון זיי צו ווערען מעמבערס פון ארבייטער רינג.

וועגען עדיוקיישאנאל ארבייט האט די דיסטריקט קאמיטע ארראנזשירט 5 לעקטשורס פאר נוארק. די גרעסערע ברענטשעס פון אונזער דיסטריקט וועלען מיר העלפען צו ארגאניזירען אזעלכע לעקטשורס און פאר די קלענערע ברענטשעס וועלען מיר שיקען אייניגע מעמבערס פון דעם דיסטריקט דורכצופיהרען איינליידונגען און דעבאטען וועגען פארשיעדענע טאגעס־פראגען.

דער באריכט ווערט אנגענומען ווי איבערגעבען.

וועגען קאמפיין פאר'ן 25 טויזענד דאלאר רעליעף פאנד ווערט באשלאסען, אז יעדער ברענטש זאל צושטעלען אזא סומע לויט זיין מעמבערשיפ, צו 50 סענט פון יעדען מעמבער. די וועגען ווי אזוי די געלד זאל געזאמעלט ווערען ווערען איבערגעלאזען צו יעדען ברענטש באזונדער. אויך דער סאניטאריום־טאג זאל פארוואנדעלט ווערען אין א רעליעף־טאג, און יעדער ברענטש אדער שטאדט זאל זעהן מאכען אן אונטערנעהמונג פאר דעם צוועק.

כדי דער קאמפיין זאל זיין מעהר ערפאלגרייך, ווערט באשלאסען צו ערוועהלען א קאמיטע פון 7. עס ווערען ערוועהלט: סלאווין, אלינסקי, פרידמאן, שטיינבערג, קופערסמיט, פינאנסקי און העק.

די לעצטע פראגע איז געווען די דאקטאר פראגע, א לאקאלע פראגע פאר נוארק.

די נוארק בארג־דאקטוירים, ווי זיי אליין רופען זיך, האבען זיך פאראייניגט אין א פאראיין און האבען ענטזאגט אלע אידישע לאדזשעס און פאראיינען. ס'פארשטעהט זיך, אויך די א. ר. ברענטשעס, לויט אן אפיציעלען באריכט, האט מען זיך דערוואוסט, אז זיי האלטען אן די קריסטליכע לאדזשעס.

די פראגע האט ארויסגערופען זעהר הייסע דעבאטען און עס ווערט באשלאסען, אז די דיסטריקט קאמיטע זאל זעהן אנשטעלען קריסטליכע דאקטוירים, אויך פארעפענטליכען אין דער פרעסע וועגען דער האנדלונג פון די בארג־דאקטוירים.

דער קאנפערענץ ווערט געשלאסען פון פריינד העק, טשערמאן.

י. לעהמאן, סעק.

## די ארבייט אין נארטה־וועסטערן דיסטריקט

אין א שווערער געדריקטער צייט האט זיך ארגאניזירט די נ. וו. דיסט. קאמ., דאך האט זיך איהר איינגעגעבען אויפצוטון וואונדערליכע ארבייט פאר איהר האלב־יעהרליכער עקזיסטענץ. איך וועל דא סומירען אין קורצען איהר טעטיגקייט: זי האט אבגעדרוקט א ליפלעט אין 4000 עקזעמפ., אפעלירענדיג צו די מאסען פון אונזער דיסטריקט, ווי וויכטיג עס איז פאר יעדען צו באלאנגען צום א. ר. דיעזער ליפלעט איז פאנאנדערגעשיקט געווארען איבער אונזער גאנצען דיסטריקט. מיר האבען זיך אויך געשטעלט אין פארבינדונג מיט אונזערע סאב־קאמיטעס אין אמאהא און דולוט, וואו עס זיינען אראנזשירט געווארען גרויסע ערפאלגרייכע מאססמיטינגען מיט גלענצענדע רעזולטאטען.

מיר האבען אויך אראנזשירט דזשאינט מיטינגען אין מינעאפאלים און סט. פאול אויפצומונטערען די מעמבערס און פארטרייבען

פון זיי די אפאטישע שטימונג. מיר האבען אויך ענערגיש געארביוט פאר דעם מיליאן דאלאר פאנד פון דער סאץ. פארטיי און געשאפען אין יעדער שטאדט פון אונזער דיסטריקט היבשע סומען געלד.

די דיסטריקט קאמיטע האט אויך גענומען אויף זיך די פארשפרייטונג פון אויפקלערונג צווישען אונזערע קלייגוואַרג. מיר האבען דורכגעפיהרט דזשאינט מיטינגען פאר גרינדען א. ר. קינדערשולען. מינעאפאלים האט שוין אזא שולע געגרינדעט. דולוט האט דערווייל נאר צוזאמענגעשטעלט א סאציאליסטישע זונטאג־שול, אבער כט. פאול שטרענגט זיך בעסער אן נאכצוטאן מינעאפאלים און מיר זיינען זיכער, אז אויך זי וועט אין גיכען האבען אזא שולע, וואו צו געבען אונזערע קינדער א געגען־גיפט צו די קאנסערוואטיווע לעהרער פון די פאבליק־סקולס.

מיר האבען אויך ניט פארגעסען אונזערע אומגליקליכע ברידער אויף יענער זייט ים. ווי נור עס איז באקאנט געווארען דאס אונזער א. ר. האט זיך ווידער אונטערנומען צו שאפען 25 טויזענד דאלאר פאר די מלחמה קרבנות, האט אונזער דיסטריקט קאמיטע גלייך געשטעלט זיך אין דיענסט פאר דעם הייליגען צוועק. מיר האבען אראנזשירט צוויי טעאטער־אונטערנעמונגען אין סט. פאול און מינעאפאלים און מיר האפען צו זיין ערפאלגרייך. מיר האבען זיך יעצט אויך געשטעלט אין פארבינדונג מיט די ברענטשעס פון מינעאפאלים און סט. פאול וועגען אן א. ר. סעמעטערי, אין וועלכער מיר נויטיגען זיך זעהר שטארק. מיר מוזען אויך ניט פארגעסען אז די אלע ארביטען זיינען אדורכגעפיהרט געווארען מיט זעהר באגרענעצטע פאנדס, כמעט מיט הוילע הענד, און דאס נאך האבען מיר אדורכגעפיהרט פיעלע זאכען, וועלכע האבען נישט קיין דירעקטע שייכות מיט ארגאניזאציאנס־ארבייט. צום ביישפיעל: מיר האבען אראנזשירט א דזשאינט מיטינג פון די מעמבערס פון א. ר. און די איבעריגע ראדיקאלע ארגאניזאציאנען צו רעארגאניזירען די נאציאנאלע ארבייטער קאמיטע. מיר האבען אויך ערוועהלט א דעלעגאט צום אידישען ארבייטער קאנגרעס אין ניו יארק און מיר האבען אליין געדארפט אויף דעם געבען די הוצאות. מיר האבען באשלאסען ארויסצושיקען א רעפערענדום צו די ברענטשעס בייצושטייערן 2 סענט פאר יעדען מעמבער פער קווארטאל צו דער דיסטריקט קאמיטע. דער רעזולטאט איז געווען, דאס עס איז אדורכגעגאנגען מיט א מאיאריטעט פון צוויי־דריטעל. עס האבען זיך אין דער אפשטימונג באטייליגט א מעמבערשיפ פון 200. עס מוז דא אויך דערמאנט ווערען, אז די א. ר. ליידיס אוקזילערים פון מינעאפאלים, סט. פאול, דולוט און אמאהא נעמען זעהר א ווארימען אנטייל אין אלע ארבייטער רינג אונטערנעמונגען, ספעציעל די סט. פאולער ליידיס אוקזילערי, וואס באשטעהט פון 80 אינטעליגענטע פרויען, וואס צייגען ביי יעדער געלעגענהייט ארויס זייער טריייהייט און איבערגעבענהייט צו די ארבייטער־אינטערעסען.

ווילאם בישאף, סעקרעטער.

---

## פראטעסט־רעזאלוציאן

מיר, די מעמבערס פון בר. 162, שיקאגא, פראטעסטירען ענערגיש געגען דער האנדלונג פון דער שיקאגא'ער סיטי סענטראל קאם. פון אר. ר. אין אויסקליבענדיג אליין דעלעגאטען צו דעם אידישען ארבייטער־קאנגרעס אין ניו־יארק, נישט געבענדיג קיינע מעגליכקייטען צו אלע מעמבערס פון א. ר. אין שיקאגא צו באטייליגען זיך אין די וואהלען און אויסקליבען די דעלעגאטען וואס זיי וועלען געפינען פאר נויטיג.

די סיטי סענטראל קאם. איז באגאנגען פאלגענדע פיער אונגעזעצליכקייטען.

ערשטענס, זי האט געמאכט, אז צוויי און צוואנציג פארטרעטער פון דער סיטי סענט. קאם. זאל מעהר האבען רעכט ווי אלע פיער טויזענד מעמבערס פון א. ר. אין שיקאגא.

צווייטענס, זיי האבען נישט דערלאזען נאמינירען קיינעם, וואס איז נישט קיין דעלעגאט צו דער סיטי סענטראל קאם.

דריטענס, זיי האבען געטעקסט אלע מעמבערס מיט 10 סענט פאר די דעלעגאטען הוצאות אהנע זיך אנפרעגען דורך א רעפערענדום צו די ברענטשעס באשטעהען אויף דעם.

און פערטענס, זיי האבען גענומען 400 דאלאן פון דעם לייבאר־לייסעאום פאנד און דאס פארברויכט פאר די דעלעגאטען־הוצאות, ביז עס וועלען אריינקומען די צעהן־סענטיגע און ווידער נישט פרעגענדיג זיך ביי קיינעם.

געגען די אלע אונגעזעצליכע האנדלונגען פראטעסטירען מיר ענערגיש און מיר פאדערען אויף אלע שיקאגא'ער ברענטשעס נאכטון אונזער ביישפיעל. און צו באטייליגען זיך אין דער קאנפערענץ, וואס מיר וועלען ספעציעל פאררופען פאר דיעזען צוועק.

דז. סליוועק, ב. סטאר, פרעס קאם.

רעדאקציאנס־באמערקונג: ווי פר. ל. בענענסאן ערקלערט אונז, איז די סיטי־סענטראל קאם. ספעציעל געגרינדעט געווארען פאר דעם צוועק צו פארטרעטען די ברענטשעס אין אלע געזעלשאפטליכע אנגעלעגענהייטען. עס איז שוין איינמאל געווען אזא פרעצעדענט, ווען דער פיפעלס־קאונסיל האט געזאלט האבען זיין קאנווענשאן אין מינעאפאלים, האט אויך די סיטי קאם. אליין ערוועהלט די דעלעגאטען און קיינער האט נישט פראטעסטירט. לויט דיעזען וואלט די ס. ס. ק. געהאט אפילו דאס רעכט צו שיקען אליין א דעלעגאציע קיין אייראפא, אויב זי וואלט נאר געהאט גענוג געלט דערפאר. די נאצ. עקז. פון א. ר. האט אויך נישט געדארפט אנפרעגען די ברענטשעס ווען זי האט ערוועהלט צום קאנגרעס פר. וויינבערג.

## אפיציעלע צירקולארען

ווערטהע פריינדע:—

איהר זייט אלע באקאנט מיט דער קיים פון מוני און זיינע חברים, וועלכע שמאכטען אין די פינסטערע טורמעס פון קאליפארניע. מוני איז געווען פאר'משפט צום טויט, נאר א דאנק דעם מורא'דיגען פראטעסט פון דער גאנצער ציוויליזירטער וועלט און פון דער ארבייטערשאפט פון אמעריקא האט דער גאווערנאר געטאן א גרויסען „חסד" צו מוני'ן און פארביטען די טויט־שטראף צו לעבענס־לענגליכע געפענגניש. אזא טאט האט ארויסגערופען א גרויסען צארן סיי פון מוני'ן אליין און סיי פון אלע רעכטדענקענדע און גערעכטיגקייט־זוכענדע מענשען. קיין „גנאד" וויל ניט מוני, ער פאדערט גערעכטיגקייט, און דאס איז איהם ניט געגעבען געווארען.

ביי א ספעציעלער קאנווענשאן פון ארבייטער־ארגאניזאציאנען, אפגעהאלטען אין שיקאגא, וואו די גאנצע קיים איז פארהאנדעלט געווארען, איז באשלאסען געווארען פאלגענדעס:

1. זעהן צו ווירקען, אז דער קאנגרעס און דער פרעזידענט זאלען באנוצען זייער מאכט און די אלע אנגעקלאגטע און פאראורטיילטע אין דיזער קייס ארויסנעהמען פון דער יוריסדיקציאן פון קאליפארניע סטייט און נעהמען זיי אונטער דעם רשות פון דער פעדעראלער רעגיערונג, וועלכע זאל באשטימען א נייעם געריכט און געבען א מעגליכקייט די אלע אנגעקלאגטע און פאראורטיילטע צו באווייזען זייער אונשולד.

2. אויב דאס אריינמישען זיך פון דער פעדעראלער רעגיערונג וועט קיינע רעזולטאטען ברענגען, דאן זאלען די ארבייטער באנוצען זיך מיט זייער לעצטען און ווירקזאמען מיטעל, דעם גענעראל סטרייק, אום צו צייגען די אלע שונאים פון ארבייטער־קלאס, אז די ארבייטער זיינען גרייט צו ברענגען דעם גרעסטען קרבן פאר דער זאך, וועלכע זיי דענקען פאר גערעכט און יושר'דיג. די ארבייטער פאדערען גערעכטיגקייט פאר מוני'ן און זיינע חברים, און גערעכטיגקייט מוז מען זיך דערשלאגען מיט אלע מיטלען, וועלכע דער ארבייטער־קלאס קען נאר האבען אין זיין באזיץ.

דער דזשענעראל סטרייק איז באשטימט אויף דעם 4טען דזשולאי 1919 און גאר אין קורצען וועלען אלע מעמבערס פון אלע יוניאנס דארפען וועגען דעם שטימען אין זייערע באטרעפענדע לאקאלס.

מיר האפען, אז אלע אונזערע ברענטשעס וועלען ציהען די אויפמערקזאמקייט פון אלע זייערע מעמבערס, וועלכע באלאנגען צו יוניאנס, און דערמאנען זיי אן זייער הייליגער פליכט צו באטייליגען זיך אין דיעזער רעפערענדום־אפשטימונג און העלפען דער זאך פון יושר און גערעכטיגקייט. און גערעכטיגקייט וועלען די ארבייטער קריגען נאר דאן, ווען זיי אליין וועלען קעמפען דערפאר.

מעמבערס פון ארבייטער רינג, האלט עס פאר אייער פליכט צו זיין אנוועזענד ביי די מיטינגען פון אייער יוניאן, ווען דיעזע פראגע וועט דארפען געשטימט ווערען, און אונטערשטיצען די באשליסע פון דער שיקאגא'ר קאנווענשאן.

מיט פריינדליכען גרוס,
נאציאנאלע עקזעקוטיוו קאמיטע, א. ר.
י. באסקין, דזשענ. סעק.

---

### צו אלע ברענטשעס פון א. ר.

דער קעמפיין, וואס די נאצ. עקז. קאמיטע פיהרט אן צו שאפען א פאנד פון 25 טויזענד דאלאר פאר אונזערע ליידענדע שוועסטער און ברידער אויף יענער זייט ים, איז יעצט אין פולען ברען. אלע ארבייטער רינג ברענטשעס און איינצעלנע מעמבערס האבען זיך מערקווירדיג אפגערופען אויף דעם אפיעל פון דער נאצ. עקזעקוטיוו.

געלד ווערט געזאמעלט, אונטערנעהמונגען ווערען געמאכט, די באריכטען אין אפיס זיינען גלענצענדע. זאגאר קליינע ברענטשעס שאפען אזעלכע סומען, וועלכע מען האט זיך גאר ניט געקענט פארשטעלען. נאר די געלדער ליגען נאך ביי די ברענטשעס, אדער די דיסטריקט קאמיטעען. די ברענטשעס, אדער די דיסטריקט קאמיטעען, האלטען די געלד ביי זיך, ווארטענדיג אויף ווייטערע געלדזאמלונגען, גלויבען, אז זיי וועט געלונגען נאך גרעסערע סומען צו קריגען און אריינשיקען אין דזשענעראל אפיס וואס א גרעסערען טשעק. די כונה איז א גאנץ גוטע, דיזע שטרעבונג איז זעהר א לויבענסווערטהע, אבער זי איז ניט ריכטיג ביי דער איצטיגער צייט.

יעצט איז דא א מעגליכקייט צו שיקען עסענווארג און קליידער צו די הונגעריגע און נאקעטע אין יוראפ, יעצט קען מען פארטאן יעדען סענט פאר דיזען ציעל, ניט ווארטענדיג אויף שפעטער. און דעריבער איז ניט פראקטיש צו האלטען ביי זיך געלדער אין דער צייט, וואס יעדער ניקעל, יעדער סענט, קען ברענגען גלייך דירעקטע הילפע און שטיצע צו די, פאר וועלכע מ'האט דיזע געלדער געזאמעלט.

דעריבער ווענדען מיר זיך צו אלע ברענטשעס, דיסטריקט און סיטי קאמיטעען און איינצעלנע מעמבערס, גלייך ארויסצושיקען אין דזשענעראל אפיס יעדע פעני, וואס זיי האבען געזאמעלט פאר די מלחמות קרבנות, און אין דערזעלבער צייט פארטצוזעצען דיזע הייליגע ארבייט און שאפען וואס מעהר געלד צו דערגרייכען ניט נאר די סומע פון 25 טויזענד דאלאר, נאר אויך אריבערשטייגען זי מיט פיעלע טויזענדער.

נאצ. עקז. קאמיטע ארבייטער רינג.
י. באסקין, דזשענ. סעקרעטער.

* * *

זעהט אז יעדערער פון אייער פאמיליע זאל זיך קענען ציערען מיט'ן אוניווערזאלען א. ר. עמבלעם.

## קוויטירונג פאַר'ן אַרבייטער רינג מאיר לאָנדאָן קאַמפּיין פאָנד.

בר. 215 אַ. ר. — $10.00
בר. 211 אַ. ר. — 3.00
דזש. קאַניעווסקי — 1.00
לאָעב בראָס. — 5.00
בר. 49 אַ. ר. — 5.00
איזידאָר קאָהען — 2.00
בר. 259 אַ. ר. — 1.00
בר. 389 אַ. ר. — 2.00
קאָלעקטירט דורך נ. פיינערמאַן:
וו. שאַפּירא — 1.00
ס. ד. — 1.00
דזש. באַס — .50
ל. סיראָטא — .50
אב. סטיינבערג — .50
דזש שולמאַן — .25

---

ברענטש 165 אַרב. רינג — 10.00
ברענטש 149 אַרב. רינג — 10.00
ברענטש 231 אַרב. רינג — 3.00
ל. בערגער — 1.00
ברענטש 68 אַרב. רינג — 2.00
ה. יאַמפּאָלסקי — 2.00
בר. 599 אַרב. רינג, פלינט, מיש. — 5.00
בר. 19 אַרב. רינג, סיראַקיוס, נ. י. — 2.00
ברענטש 5 אַרב. רינג — 5.00
דזש. באַסקין — 5.00
מ. וו. — 1.00
ס. יעללין — 1.00
דזש. וויינשטיין — 1.00
י. אַלפּערט, נוּאַרק, נ. דזש. — 1.00
א. העק, נוּאַרק, נ. דזש. — 1.00
דזש. אַראָנאָוו, קעפּ מאַנופּ. — 2.00
ה. פראַנקפיעלד, קעפּ מאַנופּ. — 2.00
ד. קליין, קעפּ מאַנופּ. — 2.00
וואָליטצקי—חאַסין (אַ וועט) — 2.00
ברענטש 278 אַרב. רינג — 5.00
ברענטש 71 אַרב. רינג, סאַקאָ, מעין — .50
בר. 413 אַ. ר., באַפּאַלאָ, נ. י. — 5.00
בר. 495 אַ. ר., טשאַטאַנוגא, קאָנג. — 5.00
ברענטש 49 אַרב. רינג — 7.00
אַ גוטמאַן — 1.00
בר. 610 אַ. ר., מאָנטיסעלא, נ. י. — 3.00
ברענטש 2 אַרב. רינג — 25.00
ברענטש 188 אַרב. רינג — 3.00
ברענטש 355 אַרב. רינג — 2.00
ברענטש 295 אַרב. רינג — 1.00
ברנטש 210 אַרב. רינג — 2.00
ז. הינדער — 5.00
ברענטש 1 אַרב. רינג — 10.00
ב. קרעמער, טרענטאָן, נ. דזש. — 2.00
בר. 118 אַ. ר., יוטיקא, נ. י. — 5.00
בר. 553 אַ. ר., דעטראָטי מיש. — 5.00
ברענטש 195 אַרב. רינג — 5.00
דזשייקאָב שיראָטא, פּאַסייק, נ. דזש. — 2 00
דר. ה. קלימענקא — 10.00
ברענטש 55 אַרב. רינג — 4.00
בר. 110 אַ. ר., פּראָווידענס, ר. א. — 2.75
ברענטש 80 אַרב. רינג — 2.00
מאַקס פערלאָוויטץ — 2.00
דזש. ד. — 2.00
בר. 277 אַ. ר., קאָלעקטירט דורך ב. קרינסקי, מעמבער אָרג. קאָמ.:
ר. רובעלמאַן — 1.00
לואיס פישמאַן — 1.00
ד. האַלפּערן — 1.00
בעני קאָרן — 1.00
רובין געלמאַן — .50
דזש. קעסלער — .75
מאַקס באַיניק — 1.00
דזש. גאָלדבערג — .50
מאָריס גאַרפינקעל — .50
לואיס גאָלדמאַן — .50
ס. טעמלער — .50
דזש. מאָרגענטאַו — 1.00
סערע קאָרנפעלד — .50
סעם זשאַרניצקי — .25
דזש. וויינטרויב — .50
ס. בערנשטיין — .50
דזש. פּאַרנעס — .25
דזש. פּאַרסעליין — .50
סעם רובין — .50

סוועטלאָוו — .50
קורלאַנד — .50
דזש. אייזנבינדער — 1.00
א. לוואָוו — .50
ט. טייטעל — .25

---

מ. פּאַלין, פילאַדעלפיא, פּא. — 1.00
ל. א. גאָלדבערג, פילאַדעלפיא, פּא. — 1.00
ברענטש 8 אַרב. רינג — 2.00
מיסס ב. בראַון — 2.00
ברענטש 299 אַרב. רינג — 2.00
ל. אַרקין, פיטסבורג, פּא. — 3.00
בר. 94 אַ. ר., סטעמפאָרד, קאָנג. — 10.00
ברענטש 216 אַרב. רינג — 5.00
טוטשענער־וואָלינער בענ. אַסס'ן, קאָלעקטירט דורך ד. אלפערן — 5.00
ברענטש 244 אַרב. רינג — 2.00
ברענטש 197 אַרב. רינג — 2.00
בר. 395 אַ. ר., ראָק איילענד, איлл. — 5.00
דזשאָזעף חיילעק, פּראָווידענס, ר. א. — 1.00
אַרב. רינג קלאָב, וואָוסטער מאַסס. — 1.00
ברענטש 324 אַרב. רינג — 2.00
קאָלעקטירט דורך שווייצער און פרומאַן, טשאַטאַנוגא, טענג.:
י. ראַבין — 2.00
א. שווייצער — 2.00
מ. שווייצער — 1.00
סעם בערענשטיין — 1.00
אב. קאהן — 1.00
מ. קאהן — 1.00
סעם סיר — 1.00
שעווין און סאַפּא — 1.00
דזשייקאָב דאנאמאַן — 1.00
קינג ליער — 1.00
נ. נאנין — 1.00
דזש. קעסיט — 1.00
ל. קעסיט — 1.00
דזש. פרעסס — 1.00
נ. פערז — 1.00
מ. פרומאַן — 1.00
אל. לעווין — 1.00
ד. לעווין — 1.00
ה. סולמאַן — 1.00
סענדער פּאַטט — .50
ד. סילווער — .50
דזש. קאָהן — .50
מ. בלובוירג — .50
ד. ראַגין — .50
היים קאַהן — .50
מ. פּאַוולאָוו — .25
דזש. זעגעלביום — .25
מ. גאָרדאָן — .25
ל. קרעשעווסקי — .50
דזש. לעווין — 1.00
ד. פּאַוולאָוו — .25

---

ברענטש 24 אַרב. רינג — 3.00
ברענטש 79 אַרב. רינג — 3.00
ברענטש 570 אַרב. רינג — 1.00
ברענטש 597 אַרב. רינג — 1.00
איזיק סאָשינסקי, נוּאַרק, נ. דזש. — 2.00
ה. טייטעלמאַן, פילאַדעלפיא, פּא. — 2.00
ברענטש 43 אַ. ר. — 25.00
בר. 483 א. ר., סעינט דזשאָזעף, מאָ. — 10.00
בר. 201 אַרב. רינג — 2.00
בר. 220 אַ. ר., טאָראָנטאָ, קענ. — 1.00
בר. 53 אַרב. רינג — 2.00
בר. 39 אַרב. רינג — 3.00
בר. 88 אַרב. רינג — 15.00
דר. ה. קלעבאַן — 5.00
בר. 397 אַ. ר., ברידזשפּאָרט, קאָנג. — 5.00
מ. ספּינראַד און גאָלדמאַן — 3.00
ברענטש 336 אַרב. רינג — 2.00
ברענטש 75 אַרב. רינג — 5.00
ברענטש 500 אַרב. רינג — 5.00
פעטשעניזנער יאָנג פרענדס — 10.00
א. ל., קאָלעקטירט דורך נימקאָווסקי — 100.00
ברענטש 447 אַרב. רינג — 1.00
מ. אַשפּיז — 2.00
בר. 10 אַ. ר., בעיאָן, נ. דזש. — 5.25
ברענטש 40 אַרב. רינג — 3.00

בר. 287 א. ר., אָקלאַנד, קאַל. — 1.00
ברענטש 600 אַרב. רינג — 5.00
מ. ראַבינאָוויטש, נוּאַרק, נ. דזש. — 1.00
דר. ס. עלסוויט — 5.00
ברענטש 200 אַרב. רינג — 5.00
ברענטש 148 אַרב. רינג — 1.00
בר. 612 אַ. ר., פּוטנאַם, קאָנג. — 1.00
ברענטש 566 אַרב. רינג — 10.00
ס. ראַשקין — 1.00
וויליאַם באַקסט, באָסטאָן, מאַסס. — 3.00
מ. איווענסקי — 1.00
נייטהען וויזער — 2.00
בר. 10, לייבאָר ליעג, באָסטאָן, מאַסס. — 2.00
בר. 2 לייבאָר ליעג, קיימברידזש, מאַס. — 3.00
ברענטש 208 אַרב. רינג — 2.00
א. לאַנדסמאַן, בר. 200 אַרב. רינג — 1.00
דר. מ. ראָמם — 5.00
דר. דזש. מ. קאָרנעלל, ספּרינגפיעלד, מאַסס. — 5.00
ברענטש 52 אַרב. רינג — 2.00
ברענטש 72 אַרב. רינג — 5.00
ברענטש 280 אַרב. רינג — 25.00
ברענטש 306 אַרב. רינג — 3.00
ברענטש 350 אַרב. רינג — 1.00
ברענטש 598 אַרב. רינג — 1.50
ב. מאָהה, בר. 598 אַרב. רינג — .50
קאַפּיטא, בר. 598, אַרב. רינג — .50
אוירווינג מאַללאָוו, נוּאַרק, נ. דזש. — 2.00
בר. 256 אַ. ר., נוּאַרק, נ. דזש. — 5.00
בר. 251 אַ. ר., פּראָווידענס, ר. א. — 1.00
ברענטש 132 אַרב. רינג — 2.00
בר. 577 אַ. ר., בעאָן, נ. דזש. — 3.00
ברענטש 42 אַרב. רינג — 5.00
בר. 24 אַ. ר., מאַרלבאָראָ, מאַסס. — 4.35
ברענטש 54 אַרב. רינג — 2.00
ברענטש 70 אַרב. רינג — 5.00
בר. 9 לייבאָר ליעג, מאָלדען מאַסס. — 5.00
ברענטש 315 אַרב. רינג — 1.00
בר. 7 לייבאָר ליעג, לינן, מאַסס. — 2.00
ברענטש 20 אַרב. רינג — 3.00
מ. שויץ, נוּאַרק, נ. דזש. — 1.00
טש. סימקין, נוּאַרק, נ. דזש. — 1.00
ב. סלאַווין, נוּאַרק, נ. דזש. — 2.00
ה. בורשטיין, נוּאַרק, נ. דזש. — .50
ה. קופּערסמיטה, נוּאַרק, נ. דזש. — .50
קאָלעקטירט דורך ב. סאַקאָלסקי, ניו־קענסינגטאָן, פּא.:
ברענטש 488 אַרב. רינג — 10.00
באַרנעט סאַקאָלסקי — 1.00
מאָררים מילסטאָן — 1.00
אייב האָרוויטץ — 1.00
אייב קאהאן — 1.00
סעם ליטוואַק — 1.00
אייב עדעלמאַן — .50
מאָררים קאָהען — .50
סעם דייווויס — .50
איזראַעל גאָלדבערג — .50

---

ברענטש 206 אַרב. רינג — 5.00
וויליאַם ליפּסאָן — .75
קאָלעקטירט דורך נ. פיינערמאַן פון לאָדזש 197 א. אָ. ב. ש. — 3.00
ברענטש 507 אַרב. רינג — 4.00
בר. 23 לייבאָר ליעג, נוי בעדפאָרד — 5.00
ברענטש 275 אַרב. רינג — 5.00
בר. 320 אַ. ר., אָלבאַני, נ. י. — 2.00
בר. 384 אַ. ר., האַרטפאָרד, קאָנג. — 10.00
בר. 207 אַ. ר., אַטלאַנטאַ דזשאָרדזשיא — 11.00
ס. פּאָלאַק, האַרטפאָרד, קאָנג. — 5.00
ג. ה. פיינסילווער, האַרטפאָרד, קאָנג. — 10.00
בר. 18 לייבאָר ליעג, דאָקסבורי — 16.10
בר. 92 אַ. ר., וואַשינגטאָן, ד. ק. — 5.00
ברענטש 271 אַרב. רינג — 3.00
בר. 42 לייבאָר ליעג, לאָרענס, מאַסס. — 2.00
בר. 408 אַ. ר., ראַקאַווי ביעטש, נ. י. — 3.00
בר. 16 לייבאָר ליעג, ספּרינגפיעלד — 5.00
בר. 1 לייבאָר ליעג, באָסטאָן, מאַסס. — 8.25
וואולף בערעלסאָן — .50
בר. 48 אַ. ר., ברידזשפּאָרט, קאָנג. — 5.00
ברענטש 93 אַרב. רינג — 2.00

בר. 12 ליבאַר ליעג, אַטלעבאָראָ — 8.00
בר. 23 ליבאַר ליעג, בעווערלי, מאַסס. 6.00
בר. 44 ליבאַר ליעג, סוילעב, מאַסס. 5.00
ברענטש 545 אַרב. רינג — — — 5.00
בר. 22 אַ. ר., ניו־בריטאַן, קאָננ. — 5.00
ברענטש 244 אַרב. רינג — — — 2.00
בר. 441 אַ. ר., דזשעקסאָנוויל, פלא. 5.00
ברענטש 225 אַרב. רינג — — — 4.00
ברענטש 234 אַרב. רינג — — — 2.50
ברענטש 417 אַרב. רינג — — — 5.00
ברענטש 462 אַרב. רינג — — — 1.50
ברענטש 501 אַרב. רינג — — — 5.00

בר. 4 ליבאַר ליעג, באָסטאָן, מאַסס.— 1.00
בר. 25 ליבאַר ליעג, בראַקטאַן, מאַסס. 12.00
ברענטש 260 אַרב. רינג — — — 3.00
קאָלעקטירט דורך בעניאַמאָוו, בר. 260
אַרב. רינג, ביי מאַבענבערג — — 3.00
ברענטש 87 אַרב. רינג — — — 5.00
בר. 23 אַ. ר., נוּאַרק, נ. דזש. — — 2.00
קאָלעקטירט דורך סאַלאַמאָן דזשאַנעס
אין פיין און ליוויי'ס קעפּ שאָפּ — 9.10
קאָלעקטירט דורך גרינבלאַט אין עלי־
שעוויטץ'ס קעפּ שאָפּ — — — 9.75
קאָלעקטירט דורך סיימאָן אין פרענק

און דאָן'ס קעפּ שאָפּ — — — 5.50
קאָלעקטירט דורך ה. קאַמין, קעפּ־
מייקער — — — — 5.25
בר. 12 אַ. ר., פילאַדעלפיא, פּאַ. — 2.00
בר. 429 אַ. ר., לאָנג ברענטש, נ. דזש. 5.00
ברענטש 99 אַרב. רינג — — — 7.50
בר. 90, טרענטאָן, נ. דזש. — — 10.00
בר. 8 ל. ל., קווינסי, מאַסס. — — 2.00

טאָטאַל — — — — 930.30

יעפים ישורין, טרעזש.

---

## ווענן אַ לייסעאום אין ראָטשעסטער

אַז ראָטשעסטער איז איינע פון די שטאַרקע פעסטונגען פון אַר־בייטער רינג אין שוין לאַנג באַוואוסט. מיר האָבען דאָ 3 ברענטשעס פון רינג מיט, אַהן עין הרע, אַ גאַנץ היבשע מעמבערשיפ. דער ראָטשעסטער גרויסער עולם האָט גרויס דרך־ארץ פאַר'ן אַרבייטער־רינג, ווייל ער איז נישט נאָר אַ טויטע פראַטערנאַל אָרגאַניזאַציע, נאָר אַ לעבעדיגער פאַקטאָר, וואָס נעמט אַן אַנטייל אין דעם איבער־ליכען לעבען פון דעם ראָטשעסטער אידישען אַרבייטער.

אויך זיינען די ברענטשעס פון אַ. ר. די זייל פון דער סאָציאַ־ליסטישער באַוועגונג. אַזוי האָט צו דעם מיליאָן דאָלאַר פאָנד בלויז בר. 27 בייגעשטייערט 100 דאָלאַר, אויסער וואָס די איבריגע ברענ־טשעס האָבען אויך זייער חלק געטאָן. יעצט פיהרט די סיטי און דיסטריקט קאָמיטע אָן אַ שטאַרקען קאַמפּיין פאַר אונזער קוואָטאַ מעמ־בערס צו דעם 75 טויזענד מעמבערשיפ קאַמפּיין, און איך בין זיכער, אַז מיט דער הילפע פון אַלע מעמבערס קען ראָטשעסטער לייכט צו־קריגען נאָך 500 מעמבערס. עס ווענדט זיך אָן אייך, פריינדע, אויב איהר ווילט פאַרגרעסערן אייער רינג, פאַרשעהנערען איהם, נעמט זיך צו דער אַרבייט, שלאָגט ערשטענס פאַר אייערע פרויען אַלס מעמ־בערס. די צאָהלונג פאַר דריטע קלאַס איז זעהר קליין. און זעהט אויך פאַרצושלאָגען אייערען אַ פריינד, אַ באַקאַנטען, און לאָמיר זיך נאָכהער קענען גראַטולירען מיט אונזער ערפאָלג.

איין זאַך, אָבער, וואָס פעהלט אונז אין ראָטשעסטער, איז אַ היים, אַ שעהנע היים, וואָס זאָל זיין אַ שטאָלץ פאַר אונז אַלעמען. אַן אָנפאַנג איז שוין געמאַכט געוואָרען מיט 8 יאָהר צוריק, ווען עס איז געלונגען צו זאַמלען אַ סומע פון 5 טויזענד דאָלאַר, און אַ פּלאַץ פאַר אַן א. ר. ליבאַר לייסעאום איז געקויפט געוואָרען.

די לייסעאום קאָמיטע עפענט יעצט אַ קאַמפּיין פאַר 10 טויזענד דאָלאַר און אַזוי שנעל ווי דיעזע סומע וועט געשאַפען ווערען, וועט אונזער חלום פאַרווירקליכט ווערען. מיר ווילען קענען שטאָלצירען מיט אונזער אַרבייט. וועט איהר זיך נישט אָפּרופען אויף דעם רוף פון דער לייסעאום קאָמיטע? וועט אייער ציגעל פעהלען אין דעם שעהנעם בנין, וואָס מיר ווילען אויפבויען? מיר גלויבען אַז קיין איינער פון אונזערע מעמבערס וועט נישט פאַרפעהלען צו ערפיהלען זיין הייליגען חוב און וועט געבען וויפיעל די כחות וועלען נאָר ערלויבען.

ס. ניידיטש.

---

## ברענטש 520 פייערט אַ יובילעאום

זונטאָג, דעם 26טען יאַנואַר, 1919, איז געפייערט געוואָרען דער 5־יעהריליכער יובילעאום פון טשערניגאָווער בר. 520. ערשט מיט 9 מאָנאַטען צוריק האָט דער ברענטש געהאַט 26 מעמבערס, היינט צו טאָג האָט אונזער ברענטש אַ מעמבערשיפ פון 60, אַ דאַנק דעם וואָס די מעמבערס האָבען זיך אָפּגערופען, ווען מ'האָט זיך צו זיי גע־ווענדעט אין צייט. און דאַרום איז די פייערונג געווען אַ דאָפּעלטע. דער יום־טוב האָט קלאָר באַוויזען, אַז אונזערע מעמבערס פאַרשטעהען די וויכטיגקייט פון צו פאַרגרעסערען דעם ברענטש און ממילא שוין דעם גאַנצען אַ. ר. דאָס הייסט מעהר קעמפער פאַר אַ שעהנערער און בעסערער וועלט, ווי מיר שטעלען זיך דאָס פאָר. די פייערונג איז געווען אַ שעהנע, אַ דאַנק אונזער נעשיאָנאַל באָארד און דירעקטאָרס, פר. א. טייטעלמאַן, וואָס האָט מיט זיין אַנוועזענהייט, אויך מיט זיין רעדע, פיעל מיטגעהאָלפען צום יום־טוב. די מעמבערס ווען איהם לאַנג געדענקען.

דזש. טאַליסמאַן, סעקרעטער.

---

## וויכטיג פאַר באַרבער!

בר. 525 אַ. ר. פון קאָלטשעסטער, קאָננ., מאַכט אויפמערקזאַם, אַז אין קאָלטשעסטער איז פאַראַן אַ גוטע געלעגענהייט פאַר אַ באַרבער צו באַזעצען זיך און מאַכען אַן אַנשטענדיגען לעבען. דאָס שטעדטעל האָט 1500 פאַמיליעס און האָט נור איין אַלטען באַרבער, וועלכער איז שוין בלינד פאַר אַלטקייט. עס איז יעצט גראַדע פאַראַן אַ פאַרטיגע באַרבער־שאָפּ אָפּצוקויפען און זיי וואָלטען זעהר וועלען, אַז אַן אַ. ר. מעמבער זאָל זיך בעסער באַזעצען צווישען זיי.

---

ברענטש 257, לואיזוויל, קענטאָקי, ערקלעהרט דורך דעם ניי־ערוועהלטען סעקרעטער מארים האָן, אַז דער ברענטש געפינט זיך אין אַ קריטישען צושטאַנד און זיי מוזען זיך יעצט ענטזאָגען פון אירגענד וועלכע שטיצע צו אַנדערע ברענטשעס.

## רעזאָלוציאָן פון קיעווער רעוואָלוציאָנערער ברענטש 25 אַ. ר.

ביי אונזער רעגעלען מיטינג, דעם 21טען דעצעמבער, איז איינ־שטימיג באַשלאָסען געוואָרען צו שטיצען די פּיפּעלס רעליעף פאַר די מלחמה קרבנות מיט 25 דאָלאַר פון דער קאַסע פון ברענטש, און אַ חוץ דעם מאַכען פרייוע קאָלעקשאָנס. פריינד סאָפּאָזשניק פאַר־פליכטעט זיך צו גיבען אַ פערטעל פון דער גאַנצער געזאַמעלטער סומע. מיר ווילען אַפּעלירען צו די מעמבערס, וואָס זיינען ניט געווען ביי דעם מיטינג, זיי זאָלען צושיקען זייער בייזשטייערונג צו די באַאַמטע פון ברענטש. געדענקט פריינדע, הילף איז דרינגליך נויטיג, שטרענגט זיך אָן און זאָלען מיר ווערען איניג אין דעם קאַמף צו העלפען פון אונטערגאַנג די אידישע נאַציאָן אין די צו־שמעטערטע לענדער. יעדע בייזשטייערונג וועט אָנגענומען ווערען מיט דאַנק.

די פאָלגענדע האָבען בייגעשטייערט: א. סאָפּאָזשניק 10 דאָלאַר. קראַוועץ 2 דאָלאַר. מ. מינטץ, ל. סאָקאָלאָוו, באָרנשטיין, א. ליפּאַ־וועצקי, פּאָלאַנסקי, סטאָן, פענטיל, קאַראַסיק, ראַדאָוו, סיראַטין — צו 1 דאָלאַר. לעווין, קאָלאָווסקי, דזשאַראָוו, גלוסקי, גאָרדאָן, קיי־זעראָוויטש, ווינאָקור, בעקער, בערמאַן — צו 50 סענט.

צוזאַמען 51.50$. — פריינדע, ווער איז נעקסט?

קאָמיטע: סעם לעווין, רעק. סעק. א., ליפּאָוועצקי פינ. סעק.

---

## צו אַלע ברענטשעס פון אַרבייטער רינג

איהר זייט געבעטען צו פאַרהאַנדלען ביי אייער מיטינג וועגען די ראַפעל טיקעטס, וואָס מיר האָבען צו אייך געשיקט. אויב איהר באַשליסט צו שטיצען אונז, זייט איהר געבעטען גלייך צו שיקען צו אונז אַ טשעק אָדער מאַני אָרדער, אָדער סטעמפּס, און אויב אייער ברענטש באַשליסט אונז ניט צו שטיצען, זייט איהר געבעטען אונז צו שיקען צוריק די ראַפעל־טיקעטס.

אַדרעסירט: דזשייקאָב פּרושאַנסקי, 219 מעדיסאָן סט., נ. י.

---

## די פראַגע פון שטיצע אין די ברענטשעס

ווי עס איז באַוואוסט, צייכענט זיך דער אַ. ר. שטאַרק אויס מיט שטיצען איין ברענטש דעם צווייטען. אַלס געוועזענער סעקרעטער פון בר. 266 און 116 האָב איך איינגעזעהן אַז איניגע ברענטשעס ווערען איינפאַך פון דעם רואינירט. ניט שטיצען קען מען ניט. ווי העלפט מען דאָס ניט אַ פריינד אין נויט? נעמט מען שטיצען, בלייבט ניט קיין געלד אין טרעזשורי. די לעצטע צייטען פאַרלאַנגט מען שוין ניט קיין סך. מ'שיקט צו פאַר 50 סענט טיקעטס אָדער איין דאָלאַר, ווען עס איז ניטאָ קיין געלד פרובט מען פאַרקויפען צווישען די מיטגליעדער און דערפאַר הערען אויף די מיטגליעדער צו באַזוכען די מיטינגען. מיין פאָרשלאָג וואָלט געווען, מען זאָל טעקסען יעדען מיטגליעד פון אַ. ר. מיט אַ סענט אַ קוואָרטאַל. דאָס וועט אַריינברענגען אַרום 5 טויזענד דאָלאַר אַ יאָהר. די געלד זאָל פאַרוואַלטעט ווערען פון דזשענעראַל אָפיס. ווען מען וועט דאַרפען האָבען אין אַ ברענטש שטיצע זאָל מען זיך ווענדען אין דזשענעראַל אָפיס, וואָס וועט האָבען די רעכט צו שטיצען לויט נאָכ'ן פאַל. קיין אָפיעל ברענגט ניט די געווינשטע רעזולטאַטען. מעהר ווי 150 דאָלאַר ברענגט קיין אָפיעל ניט אַריין. יעדער ברענטש ספּענדט פאַר פּרינטינג מיט פּאָסטעדזש אַרום 50 דאָלאַר. ווען עס זאָל זיין אַזאַ פאָנד, וואָלט יעדער ברענטש, וועלכער נויטיגט זיך אין שטיצע, געקענט קריגען די 150 און מען וואָלט פאַרשפּאָרען באַדערען דעם אָפיס פאַר אַדרעסען און פאַרטרייבען די מיטגליעדער פון די ברענטש מיטינגען.

י. שמוקלער, סעק. בר. 16.

---

## פינאַנץ באַריכט פון פּעטערסאָנער אַ. ר. סאָצ. שולע

די הוצאות און הכנסות פאַר דעם צווייטען האַלבען שול־יאָהר זיינען ווי פאָלגט: הכנסות 620.86$. הוצאות 612.46$. בלייבט אין קאַסע 3.40$. שולדיג צו מעמבערס 77.00$. דעפיציט ביז יאַנואַר 1919 — 68.60$.

יואל שטאַרק, סעקרעטער.

פינאַנץ קאָמיטע: ב. לייב, מ. לעווין, מ. טערנער.

* * *

אַזוי האָט געזאָגט ציצערא מיט צוויי טויזענד יאָהר צוריק וועגען די רוימישע פּלוטאָקראַטען: „נישט נאָר ליידען זיי פון אַ קראַנקהאַפטען שטרעבען צו נייע עשירות און פאַרמעגענס — זיי ווערען אויך געפּייניגט פון די שטענדיגע ציטערניש צו פאַרליהרען דאָס, וואָס זיי פאַרמאָגען.“




אפיציעלער ארגאַן פון אַרבייטער רינג

# מאַרש צו דער ליניע פון די 75 טויזענד!

אינהאַלט:



# THE FRIEND

OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMEN'S CIRCLE

APRIL, 1919  אפריל, 1919

# THE FRIEND

OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMEN'S CIRCLE

Published Monthly

ABRAHAM EPSTEIN, National Chairman — J. BASKIN, General Secretary

S. WALLACE, National Vice Chairman — P. GELIEBTER, Recording Secretary

M. J. ASPIS, Sec'y N. B. of Directors — I. B. BAILIN, Managing Editor — M. PERLOVITZ, Treasurer

Office of Publication:
62 Van Buren Street, Passaic, N. J.
General Office:
175 E. Broadway, New York, N. Y.



Subscription Rates:
Per Annum, 50c. Six Months, 25c.
Single Copy, 5 cts.

Entered as second class matter April 21, 1911, at the Post Office at Passaic, N. J.




## איהר האָט נאָך אַ מאָנאַט צייט צו ווערען אַ שותּף צו

## די פינף און זיבעציג טויזענד

THE FRIEND



דער פריינד

Vol. X APRIL, 1919 No. 4

# פון מאנאט צו מאנאט

**דער לעצטער מאנאט** מיט א רוהיגען געמיטה און פעסטער איבערציינגונג, אז א פאלשטענדיגער ערפאלג פון אונזער מעמבערשיפ קאמפיין איז אונפארמיידליך, טרעטען מיר אריין אין דעם לעצטען מאנאט פון אונזער אנגעשטרענגטער מערקווירדיגער אונטערנעהמונג. די ליניע פון זיבעציג טויזענד זיינען מיר שוין אין רעש'דיגען אימפעט אריבער און אונזערע רייהען וויעגען זיך, ווי מעכטיגע כוואליעס, צו די ווייטערדיגע טויזענדער נעהענטער און נעהענטער צו דער הויפט־ליניע פון די פ י נ ף א ו ן ז י ב ע צ י ג טויזענד.

ווי די צוגאסענע פריהלינגס־וואסערען צושמעטערען די אייז־פעלדער און שווענקען ארונטער די בריקען און ראגאטקעס, וואס שטעהען זיי אין וועג, אזוי האט זיך צוגאסען א ברויזענדע כוואליע פון טעטיגקייט איבער אלע ברענטשעס און ווישט אפ ליניען און גרענעצען, ווארפט אראפ צוימען און שטערונגען, וואס זיינען פריהער באטראכט געווארען אלס פעסטע און אייביגע.

אונזערע בראווע קאמפיינער וועלען נאך האבען א מאנאט פון שווערער, מיהזאמער און אנגעשטרענגטער ארבייט. זיי זיינען גרייט דערצו. עס האט זיך ערשט ביי זיי צושפיעלט דער אפעטיט און וואלטען שוין אימער וועלען זיין פאר'שכור'ט אין דעם ליידענשאפטליכען ברען פון גייסטיגער אויפהייבונג, וואלטען שוין אזוי כסדר געוואלט זיין אין דעם וואלצענדען שוואונג פון קעסעל־גרוב־טעטיגקייט, וואס צוואווארעמט די נשמה און מאכט אזוי גרינג און פעדער־לייכט די שווערע, אנגעוועהטאגטע הארץ.

עס איז אבער קיין י ו ש ר נישט צו לאזען די שווערע ארבייט אויסשליסליך אויף די פלייצעס פון אונזערע פריוויליגע, באוועגליכע גייסטער, טראץ דעם, וואס זיי טוען. עס פון די אינוועניגסטע דראנגען אין זייער נשמה נאך נוצליכער טעטיגקייט און אידעאלע אויפטואונגען. עס ליגט א הייליגער חוב אויף יעדען פון אונז אמוועניגסטענס אין די לעצטע עטליכע וואכען צו קומען זיי צו הילף. פיעלע פון אונז האבען זיך נאך נישט פיעל איבערגעארבייט אין ד ע ם מעמבערשיפ קאמפיין פאר די לעצטע עטליכע מאנאטען; אנדערע פון אונז האבען נאך, ליידער, ג א ר נ י ש ט געטאן אין ד ע ם קאמפיין.

אפגעזעהן שוין אפילו פון די באגריפען פון יושר און „פעיר פלעי", קענט איהר נישט אויף קער גאנצער צייט בלייבען שטעהן פון דער ווייטען אין דיעזער מערקווירדיגער מאניפעסטאציע פון דער מאביליזירונג און קאנצענטרירונג פון די נייע ראדיקאלע רעגימענטען אין דער פריהייטס־ארמעע פון דער וועלט. צו־וואס זיך פיהלען ווי א נעבעכדיגער, פרעמדער, אז איהר קענט זיין ווי אן אייגענער צווישען אייגענע? פארוואס זאלט איהר נישט קענען אדורכפיהלען מיט אלע אייערע חושים, אז אין דעם גרויסען געווינס פון אזוי פיעל טויזענדער אין עטליכע מאנאטען האט איהר אויך עפעס א שטיקעל חלק.

אונזער דזשענעראל עקזעקוטיוו האט אפילו פאר די שוואכסטע און קאלטסטע פון אונז געלאזען א געוויסען פלאץ אין דעם קאמפיין. זי האט געמאכט פאר א מינימום־פאדערונג דעם באשיידענעם סלאגאן: „יעדער מעמבער זאל אריינגעהמען אמוועניגסטענס נאך איין מעמבער ביז דער קאנווענשאן". דאס ק ע ן און מ ו ז געטאן ווערען פון יעדען איינעם, וואס האט די עהרע צו טראגען א פאליסי פון א. ר.

* * *

**פריהלינג און פריהייט** מיט די לינדע ווינטעלאך, וואס ברענגען אין זייערע פאלעס פריהלינג, זונשיין און בליהונג, מיט די פארשיעדענע שטראמען, וואס שלאגען זיך אדורך א וועג פון אונטער די פענטעס פון אייז, הייבט אויך אן אין אונזער הארץ צו וועהען מיט האפנונגספולע געפיהלען און שטראמען וואהעמע און שפרודלענדע בלוט שפארען זיך אדורך דורך אונזערע פארהארטעוועטע און פארפרארענע אדערען.

...און עס קען אנדערש נישט זיין. מיר זיינען אליין א ו י ך א טייל פון דער גאנצער ערוואכענדער נאטור. אין דער צייט ווען די שטראלענקראפט פון דער זון ווירקט ווי דורך א כשוף און רייסט פונאנדער פון שלאף אלע פלאנצען, חיות און וואסער־שטראמען, הייבט עס זיך אויך אן צו רעגען אין אונזער מ ע נ ש ל י כ ע ר געזעלשאפט.

די ראדיקאלע גרופען, ארגאניזאציאנען און פארטייען זיינען גרויסע מחותנים מיט'ן פריהלינג. אונזערע נייע אונטערנעהמונגען ווערען דאן אנגעהויבען, דעמאנסטראציעס ווערען ארגאניזירט און סטרייקס אפטמאל אונטערנומען.

ד ע ם מאל ווערען אין אונזערע קרייזען אונטערנומען דריי באדייטענדע זאכען, צו וועלכע מיר וועלען דארפען צולעגען א האנד.

די סאציאליסטישע פארטיי האט אפגעקויפט אין שיקאגא (וואו עס געפינט זיך דער נאציאנאלער אפיס) א שעהנעם פלאץ און געביידע פאר איהר נאציאנאלער הויפט־קווארטיר. דאס קאסט אפ ארום פ ע ר צ י ג ט ו י ז ע נ ד ד א ל א ר און די גענאסען און סימפאטייזער ווערען אויפגעפאדערט איבער'ן ג א נ צ ע ן לאנד בייצושטייערען צו דעם פאנד. דאס איז אבער אן אויסשליסליכע אידעאליסטישע אנגעלעגענהייט, וואס איז נישט פארבונדען מיט קיינע עקאנאמישע פערספעקטיוועס. די איבעריגע צוויי אונטערנעהמונגען זיינען אבער א פאראייניגונג פון אידעאליזם מיט פראקטישען נוצען און מיר זיינען איבערציינגט, אז אונזערע מיטגליעדער וועלען נישט נאר זיין גוטע

אידעאַליסטען (ווי זיי זיינען עס שטענדיג געווען), נאָר אויך פּראַקטיש גענוג צו „אינוועסטען“ זייערע עטליכע אָפּגעשפּאָרטע דאָלארס אין ראַדיקאַלע אונטערנעהמונגען, וואָס האָבען אַלע אויסזיכטען צו זיין ערפאָלגרייך.

די ניו־יאָרקער טעגליכע סאָציאַליסטישע צייטונג „די קאָל“ אָרגאַניזירט יעצט אַ ריעזיגע קאָאָפּעראַטיווע דרוקעריי, וואו עס וועט זיך דרוקען טאָקע די „קאָל“ אַליין און וואָס וועט אָהן שום ספק קריגען די גרעסטע פּרינטינג־אַרבייט פון אַלע ראַדיקאַלע אָרגאַניזאַציאָנען, יוניאָנס, פּאַרטיי־בּרענטשעס א. א. וו. די דרוקעריי דאַרף אָפּקאָסטען ניינציג טויזענד דאָלאַר. אָבער אין די עטליכע וואָכען, וואָס דער קאַמפּיין פיהרט זיך, איז שוין געשאַפען געוואָרען העכער 60 טויזענד פון דער גאַנצער סומע. די שעהרס זיינען קליינע און צוגענגליך פאַר יעדען אַרבייטער— פינף דאָלאַר אַ שעהר. זיי וועלען טראָגען אַרום 6% אינטערעסט.

די דריטע אונטערנעהמונג איז אויך אַ ניו־יאָרקער, אָבער דאַרף אונטערשטיצט ווערען אפילו פון די פריינד וואָס זיינען ווייט פון ניו־יאָרק — און דאָס איז די א. ר. קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי, וואָס אָרגאַניזירט זיך מיט אַ קאַפּיטאַל פון 35 טויזענד דאָלאַר. דאָס איז די ערשטע אידישע אַרבייטער־קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעהמונג, וואָס טרעט אַרויס אויף דער וועלט מיט אַזאַ היבשען קאַפּיטאַל. צעהנדליגע א. ר. בּרענטשעס און הונדערטע מעמבערס האָבען זיך שוין אָנגעשלאָסען אָן דער פּיעל צוזאַגענדער באַוועגונג. אַ שעהר פון דער קאָאָפּעראַטיווע קאָסט אויך נאָר 5 דאָלאַר.

אַט די אַלע דריי אונטערנעהמונגען פאַרדיענען די אויפמערקזאַמקייט און שטיצע פון אַלע באַוואוסטזיניגע אַרבייטער. עס איז כדאי צולעגען אַ האַנד צו זיי. און אפשר נאָך ביידע...

* * *

**ערפאָלג אויף ביידע פראָנטען**

די אָנשטרענגונגען פון אונזערע בּרענטשעס אין דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין האָט נישט פאַראורזאַכט קיין שטילשטאַנד אויף דעם צווייטען פראָנט פון אונזער קאַמפּיין — דער 25 טויזענד דאָלאַר „דרייוו“ פאַר די מלחמה קרבנות. מיר האָבען נישט דעם מינדעסטען ספק, אַז אויך אויף דעם פעלד וועלען אונזערע פאָהנען באַדעקט ווערען מיט רוהם און גלאַנץ, אַז אויך אין דעם זינען וועלען נישט אונזערע ערוואַרטונגען פאַרבלאַסט ווערען פון ענטוישונג און מיסערפאָלג. פאַרקעהרט, עס זעהט נאָך אויס, אַז אויך דאָ וועלען מיר אָפּווישען דעם אָנגעצייכענטען גרעניץ פון די פינף און צוואַנציג טויזענד און אויף אַ פּיעל העכערער פּאָזיציע אויפהייבען אונזער באַנער.

עס מוז אָבער געזאָגט ווערען, אַז אייניגע פון אונזערע פרייוויליגע אָפּטיילונגען, הויפּטזעכליך די ווירדזשיניאַ בּרענטשעס פון נאָרפאָלק און פּאָרטסמוט האָבען ווייט, ווייט אַריבערגעיאָגט אונזערע גרעסטע און שטאַרקסטע בּרענטשעס פון דער איסט, וועסט און נאָרטה, אפילו אַזעלכע אַגרעסיווע בּרענטשעס ווי 367 (ווילנער יאָנג מענס), וואָס האָט שוין געשאַפען $1,000 אין דעם קאַמפּיין, און 99, וואָס האָט שוין אויך שעהנע הונדערטער אַריינגעטראָגען. מיר האָבען שוין דערמאָנט אין לעצטען נומער דעם בר. 212 פון נאָרפאָלק, וואָס האָט אַריבערגעשיקט אַ טשעק אין אָפּיס פאַר איבער 16 הונדערט דאָלאַר. האָט אָבער נאָרפאָלק נאָך אַ אינגערען בּרענטש 513, וואָס האָט ערשט געפייערט זיין פינף־יעהריגען יובילעאום מיט דער שאַפונג פון 14 הונדערט דאָלאַר פאַר'ן זעלבען צוועק. און גלייך דערנעבען דער א. ר. בּרענטש פון דער שכנ'ישער שטעדטעל פּאָרטסמוט, 313, וואָס האָט שוין אויך איבער אַ טויזענדער אַריינגעשיקט פאַר דעם הייליגען צוועק.

אַזעלכע שעהנע און אמת אָפּפערוויליגע טאַטען מעגען פאַרשריבען ווערען מיט ליכטיגע אותיות אין דעם גאָלדענעם בוך פון אונזער באַוועגונג.

* * *

**מיר און אונזערע מאַרטירער**

דערווייל האַלט עס גאַנץ שמאָל מיט דער דעמאָקראַטיע אין אונזער מדינה. נישט נאָר בלייבט נאָך מוני אַלץ זיצען אונטער די אייזערנע גראַטעס, נאָר אַ גאַנצע רייהע פון טרייע און איבערגעגעבענע קעמפער פאַר דער אַרבייטער־זאַך ווערען אַהין געבראַכט. יודזשין וו. דעבס, דער גראָהער אַרבייטער־וועטעראַן און באַנער־טרעגער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי פאַר אַ לאַנגער רייהע מיט יאָהרען, האָט פאַרלאָרען זיין אַפּיעל אין סופּרים קאָורט און געהט פאַרשפּאַרט ווערען ווי אַ פאַרברעכער אין מאָונדסווילער קאַטאָרזשנע טורמע אויף עבודת־פּרך. גלייכצייטיג דאַרף אויך געהן אונטער'ן ריגעל און שלאָס די גאַלאַנטע קעמפערין קייט ריטשאַרדס אָ'העיר; עס זיינען אויך פאַרמשפּט צו צוואַנציג יאָהר די בעאַמטע פון דער פּאַרטיי, גערמער בערגער, ענגדאַהל, קרוז און טאָקער און איבער די קעפּ פון נאָך צעהנדליגע קעמפער הענגען די שרעקליכע אורטיילען, וואָס אפילו אין דעם אַמאָליגען באַרבאַרישען רוסלאַנד וואָלטען זיי געקלונגען ווי גרויזאַמע, זינלאָזע, אַבנאָרמאַלע טיראַנען־דעקרעטען פון אַ איוואַן גראָזני...

מיר ערוואַרטען נישט פון אַ בורזשואַזען־רעגיערונג, וואו די בוירלעסאָנס, לאַמאַרס, גרעגאָרים שפּיעלען די ערשטע פידעל, אַז זי זאָל סימפּאַטיזירען מיט רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטען און געבען זיי פּריוויליגערהייט אָן אַמנעסטיע. מיר זיינען אָבער זיכער, אַז די אָרגאַניזירטע אַרבייטערשאַפט וועט נישט בלייבען גלייכגילטיג צו אַזעלכע גרוילטאַטען און וועט זיך אַרויסזאָגען אויף אַזאַ אופן, אַז אפילו די האַלצערנע קעפּ פון פּיעלע פון אונזערע רעגיערער זאָלען עס פאַרשטעהן. די מוני קאָנפערענץ אין שיקאַגאָ האָט זיך אַרויסגעזאָגט פאַר אַ גענעראַל־סטרייק אַלס דעמאָנסטראַציאָן פאַר מוני'ס באַפרייאונג און עס איז אַ הייליגע פליכט פון יעדען א. ר. מיטגליעד צו זעהען, אַז זיין יוניאָן זאָל אויך צושטעהן צו דער באַוועגונג. מיר וועלען בלייבען פאַרדעטער צו אונזערע אידעאַלען און צו אונזער קלאַס, אויב מיר וועלען דאָ זיצען מיט פאַרלייגטע הענד אין דער צייט, ווען אונזערע בעסטע לעהרער, פיהרער און מוטיגע קעמפער וועלען אַרומשפּרייזען ווי געפאַנגענע לייבען אין די שטיינערנע און אייזערנע פאַרגראַטעוועטע נעסטען.

* * *

**אייגענע היימען**

אין אַ גאַנצע רייהע שטעדט האָט זיך ווידער אויפגעהויבען אַ באַוועגונג פאַר א. ר. לייבאָר ליצעאומס. די פראַגע שטעהט יעצט אויפ'ן טאָגעס־אָרדנונג אין שיקאַגאָ, ווי אין ראָטשעסטער, אין לאָס־אַנדזשעלעס, ווי אין די בראָנקס. אין דעטראָיט ווערט פאַרטיג אַ פּרעכטיגער בנין און וועט האָבען דעם ערשטען חנוך מיט דער 19טער נאַציאָנאַלער א. ר. קאָנווענשאָן אין אַ מאָנאַט אַרום. אַ גאַנצע רייהע שטעדט און שטעדטלאַך ווי קליוולאַנד, פּיטסבורג, נואַרק, בראָנזוויל, האַרטפאָרד און נאָך, האָבען שוין זייערע אייגענע היימען, אַנדערע פון זיי אמת'ע שעהנע און הערליכע מקדש־מעט'ס, וואָס האָבען זיך נישט צו שעהמען געגען אַנדערע רייכע טעמפּלען.

אין דעם גרעסטען צענטער אָבער פון א. ר. אין מאנהעטען, ניו־יאָרק, איז נאָך ביז דער סאמע לעצטער צייט נישט געווען קיין באדייטענדע באוועגונג פאר א לייבאָר־לייסעאום.

מיט איניגע וואָכען צוריק, אויף דער האלב־יעהרליכער קאָנפערענץ פון דער נ. י. סיטי אָרגאניזאציאָנס קאָמ., האָט זיך אויפגעהויבען די פראגע, אָבער אין אנאנדערען זינען, ווי אין אנ־ ־ערע שטעדט. דאָ ווערט שוין געפלאנעוועט א נאציאָנאלע העד־ קוואָרטערס פאר'ן ארבייטער רינג, וואו עס זאָלען זיך שוין אויך ־עפינען גרויסע פארזאמלונגס־האָלס, מואווינג־פיקטשורס, קונסט ־טעאטער, א. ר. קינדער־שול, לייברערי, מוזיק־שול, אָפיסעס פון ־י א. ר. גרויסע אונטערנעהמונגען, ווי די קאָאָפעראטיווע־גע־ ־עלשאפטען, סעמעטערי־דעפארטמענט, דיסטריקט־דאָקטוירים ־עפארטמענט א. א. וו.

אזא אונטערנעהמונג טראָגט שוין נישט קיין אָרטיגען, נאָר ־ נאציאָנאלען כאראקטער. זי איז גלייך פון אָנהויב ־אשטימט צו זיין אן ערפאָלגרייכע. די ברענטשעס איבער'ן ־אנצען לאנד וועלען פאראינטערעסירט זיין, אז יעדער איינער ־ן זיי זאָל האָבען א חלק אין אזא נאציאָנאלע א. ר. געביידע, ־אָס זאָל דיענען פאר א מוסטער צו אלעמען.

אן ענערגישע 15־ער קאָמיטע איז שוין צוגעטרעטען צו דער ־רבייט. זאָל די ב ר כ ה פון אלע א. ר. מעמבערס איבער'ן ־אנצען לאנד רוהען אויף איהרע הענד.

* * *

**קליינע נאָטיצען**

אז די אָנגעהויבענע באוועגונג צווישען די אידישע יוניאָן־לייט אריינצוטרעטען אין א. ר. אלס זעלבסט־ שטענדיגע ברענטשעס האָט גלענצענדע אויסזיכטען צו ווערען דער שטאַרקסטער און איינפלוסרייכסטער פליגעל אין א. ר., ווייזט דער ביישפיעל פון דעם ערשטען א. ר. ברענטש, וואָס איז געגרינדעט פון די „אמאלגאמייטעד קלאָטהינג וואָירקערס" אין ניו־יאָרק. אייגענטליך איז דאָס טאַקע דער עלעמענט, וועלכען מיר האָבען פאר אזא לאנגער צייט געזוכט צו פאראינטערעסירען מיט אונזער רינג. יעצט הייבט אָן אונזער ארבייט צו ברענגען פרוכט. עטליכע גוטע אָנהויבען זיינען געמאַכט געוואָרען און דאָס איבעריגע וועט שוין שפּעטער קומען מיט דער נאַטירליכער קראַפט פון אינ־ ערציע. דערווייל אָבער איז אויך נויטיג, אַז אונזערע מעמבערס יוניאָן־לייט זאָלען פאַרשפּרייטען דעם געדאַנק צווישען זייערע ברידער אין דער יוניאָן, אַז זיי זאָלען זיך אָרגאַניזירען אין אייגענע א. ר. ברענטשעס, ווי דאָס האָבען אָנגעהויבען צו טאָן די מילינערי וואָיר־ קערס און די אמאלגאמייטעד קלאָדינג וואָירקערס.

* * *

א גאַנצע רייהע א. ר. ברענטשעס האָבען געהאַט זייערע יובילע־ אומס אין פאַרגאַנגענעם מערץ מאָנאַט און האָבען עס געפייערט יע־ דערער אויף זיין שטייגער. אַזוי האָט בר. 513 אין נאָרפאָלק גע־ פייערט זיין 5־יעהריגען יובילעאום מיט אַ זאַמלונג פון $1,041 פאַר די מלחמה קרבנות, בר. 62 אין פּאַסייק האָט געפייערט זיין 15־יעה־ ריגען יובילעאום מיט אַ מאַס־מיטינג, קאָנצערט און באַנקעט. בר. 53 האָט אויך געהאַט אַ 15־יעהריגען יובילעאום און האָט געשאַפען 50 דאלאר פאַר דעם רעליעף פאָנד. און גאַנץ ווייט אין דער סאוטה־ וועסט האָט אונזער בר. 234, אין דאַלאס, טעקסאס, געפייערט זיין 10־יעהריגען יובילעאום דורך אַ מאַס־מיטינג און אַ באַנקעט. ער האָט געהאַט זיך מיט וואָס צו פרעהען דער בר. 234, וועהרענד די ברענטשעס אַרום איהם אין פאָרט־וואָירטה און וויקאָ זיינען קליינע און שוואַכע, איז ער אַ פעסט־געבויטער, זיכערער ברענטש, וואָס ענט־ וויקעלט זיך נאָרמאַל און לאַכט פון יעדען שטורעם.

* * *

**זב. וויקטאָר:**

# די בויער

(דעטראָיטער לייבאָר לייסעאום — א מתנה)

־זיכטער און אָרעמס פון וועטער פאַרברוינטע,
באַהעגנגען זיכערע, מוטיג און שטאָלץ, —
־י בויען די בויער, צו אַרבייט געוואוינטע,
אין האַקען די שטיינער און זעגען די האָלץ;
־י בויען און זינגען אַ נגון, אַן אַלטען:
־אַי זומער דעם הייסען, סאַי ווינטער דעם קאַלטען,
מיר בויען, מיר בויען!

־ אַלטע בנינים מיר ברעכען, צושטערען,
פאַר נייע בנינים דער פּלאַץ זאָל זיין גרייט.
־יר גלייכען אוים גריבער, און בערג מיר פאַרקעהרען
און אונזער געזאַנג־ליעד טראָגט פריי זיך און ברייט:
לאָג, האַמער! ברעך שטיקער פון שטיין פון'ם קאַלטען,
ווידער־קול שאַלט אָפּ פון וואַלד, פון דעם אַלטען.
מיר בויען, מיר בויען!

אַמאָל אויך עס טרעפט זיך, מיר ברעכען, צוואַרפען
אַ הויז צי אַ קאַמער, וואָס נור וואָס געבויט;
אַ טעות פאַררעכטען מיר מוזען, מיר דאַרפען,
די אַרבייט פון בויען איז אונז דאָך פאַרטרויט.
די אַרבייט פון בויען איז הייליג און טייער,
צוגים, די געזאַנג זיך, צוגליה זיך ווי פייער,
מיר בויען, מיר בויען!

מיר בויען פון דורות פאַר דורות וואָס קומען —
ביים בויען נישט איינער געפאַלען איז טויט —
די זעג, האַק און האַמער, דאָך וועלען ניט שטומען,
ביז פאַרטיג דער בנין וועט שטעהן אויפגעבויט.
מאַכט שטאַרק דעם פונדאַמענט, עס זאָל ניט צופאַלען,
ברעכט שטיינער, שניידט העלצער, זאָל הילכען און שאַלען
מיר בויען, מיר בויען!

* * *

באוואַפענט זיי שטעהען מיט העק און מיט זעגען,
די קליידער פאַרשמירטע אין קאַלך און אין ליים;
אין קעלט און אין היצען, אין זון און אין רעגען
זיי בויען, די בויער, אַ היים נאָך אַ היים,
און זינגען געזאַנגען פון ליעבשאַפט און טרויען:
מיר בויען אויף וועלטען, ווען א י י נ י ג מיר בויען,
מיר בויען, מיר בויען!

ה' סאלאמאן גאלוב'ס מוזיק צו דעם ליעד וועט געדרוקט זיין אין דעם מאי נומער.

# אברהם ליעסין

(צו זיין 25־יעהריגען יובילעאום)

פון הלל ראגאָף

באַגרענצטע, האַלבע, צוברעקעלטע זיינען כמעט אַלע פון אונזערע אידישע ליטעראַטען און פובליציסטען. מאַנכע זיינען באַגאַבט מיט טאַלאַנט; פעהלט זיי, אָבער, די בילדונג, די קענטניס, די ערוואָרבענע אינטעליגענץ, וועלכע דאַרף דיענען אַלס די רויה־מאַטעריאַל אָדער אַלס דער הינטערגרונד פאַר דעם טאַלאַנט. ביי מאַנכע איז דער אינטעלעקטועלער באַגאַזש אַ פאַרשימעלטער, און ביי אַנדערע ווידער איז ער אַ רויהער, ניט צייטיגער. מאַנכע האָבען אין די קינדער־יאָהרען געטרוימט פון אַנדערע קולטורען און געהאָפט פון אידיש צו אַנטלויפען; אַנדערע האָבען, פאַרקעהרט, אין דער יוגענד גאָר קיין אידיש ניט געקענט און זיך דאָן ניט פאָרגעשטעלט אַז זיי וועלען אויף אידיש שרייבען.

און עהנליך איז עס מיט אַ גרויסע טייל פון אונזערע באַוועגונגס־מענשען. מאַנכע זיינען פון איינפאַכע אַרבייטער געוואָרען אינטעליגענטען, און אַנדערע זיינען פון אינטעליגענטען געוואָרען שפעטער איינפאַכע אַרבייטער. מאַנכע האָבען זייער קאַריערע אָנגעפאַנגען אַלס שרייבער, אַלס טעאָרעטיקער און זיינען פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין פראַקטישע פיהרער. און פאַראַן אויך אַזוינע וואָס טיילען אויך זייערע כחות אויף עטליכע, פאַרשיעדענע געביעטען, און בייטען זייער טעטיגקייט נאָך דער צייט נאָך, נאָך די אומשטענדען נאָך.

אָט אַזוינע מענשען, וועמענס ענטוויקלונגס־גאַנג איז איינזייטיג, אָדער אַ צודרעהטער, אַ צובראָכענער, קענען זעלטען ערייכען אַ ווירקליך גרויסע הויך. זיי קענען זיך ערווערבען אַ פלאַץ אין אַ געוויסען צווייג פון אַרבייט, זיי קענען זיך ערוואָרבען אַ ברייטע רעפוטאַציע אויף אַ קירצערע אָדער לענגערע צייט. אמת גרויס, גרויס אין פערזענליכקייט, גרויס אין דעם זין פון דעם אַלטען העברעאישען אויסדרוק „גדול בישראל“, זיינען אַזוינע מענשען ניט. אַן אמת גרויסען שרייבער אָדער טוער, וועלכער זאָל זיין שטעמפעל לייגען ניט בלויז אויף דעם צווייג פון דער ליטעראַטור אָדער געזעלשאַפטליכער טעטיגקייט, מיט וועלכע ער גיט זיך אָפּ, נאָר אויף דעם גאַנצען דור אָדער זיין גאַנצע געזעלשאַפט, וואָס געניסט פון דער ליטעראַטור אָדער טעטיגקייט — ער מוז זיין אַ גאַנצער, אין איהם מוז זיין אַ גייסטיגע גאַנצקייט און אַ גייסטיגע האַרמאָניע.

דער אמת גרויסער שרייבער מוז נאַטירליך פריהער ווי אַלץ האָבען איינגעבאָרענעם טאַלאַנט, ער מוז, אָבער, אויך „שווימען אויף די שפיצען פון די אינטעלעקטועלע כוואַליעס פון זיין צייט“, ווי אַ דיכטער האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט: ער מוז זיין אָנגעזאַפט מיט קולטור פון דער צייט, ער מוז קענען פאַרשטעהן דעם לעבען וואָס רינגעלט איהם אַרום און פאַרשטעהן איהם ווי אַן ענטוויקעלטער געבילדעטער מענש.

ווי געזאָגט, האָבען מיר צווישען די אידישע שרייבער אַזוינע זעהר ווייניג. איינער פון אָט די ווייניגע, פיללייכט דער וויכטיגסטער און מערקווירדיגסטער צווישען זיי, איז אברהם ליעסין.

ליעסין איז אַ גרויסער דיכטער און אַ גרויסער עסיי־שרייבער, און אַ גרויסער פובליציסט. די מעטאַל, וועלכע ער האָט פאַנאַנדערגעשמאָלצען אין דעם פייער פון זיין טאַלאַנט און אויסגעגאָסען פון זיין פאָעזיע און פראָזאַ, האָט ער ארויסגעגראָבען פון די אוצרות, וואָס די געשיכטע און דער מענשליכער געדאַנק האָבען געשאַפען. זיינע טעמען זיינען די ערהאַבענסטע קאַפיטלען אין דער אידישער געשיכטע, די ערהאַבענסטע טרוימען און האָפנונגען פון דער גאַנצער מענשליכער ראַסע. ער זינגט זעלטען אַ שטימונג אָדער אַ געפיהל אָדער אַן ערפאַהרונג. אין זיינע גרויסע שאַפונגען, וואו זיין טאַלאַנט ערהויבט זיך צו דער העכסטער מדרגה, זינגט ער די שטאַם, די בענקשאַפט, די טרוימען, די האָפנונגען פון גאַנצע דורות, פון גאַנצע פעלקער און לענדער, פון דער גאַנצער מענשהייט.

ליעסין האָט דורכגעמאַכט אונגעפעהר דעם זעלבען קו פון ענטוויקלונג אונגעפעהר ווי פיעלע פון זיינע קאָלעגען. אונטערשיעד צווישען איהם און זיי איז אָבער געוועזען אַ גרו סער. זיי האָבען ביי יעדען שריט פאַרוואָרפען דאָס ערש פאַרגעסען און פאַרלאָזען, און ער האָט אויסגעטראָטען אַ ו וועלכער האָט געפיהרט גלייך פון דאָס אַלטע צו דאָס נייע. אַלעס וואָס ליעסין האָט געלערענט, אין, אַלעס וואָס ער ה געפאָרשט האָט ער אימער ענטדעקט די שעהנהייט, דאָס האַבענע, אָט יענעם הייליגען פייערעל, וועלכער ברענט אין אַלעס וואָס עקזיסטירט און פון וועלכען עס צינדט זיך דאָס פייערעל, וועלכעס פיהרט דעם וועזען אָדער די געזעלש אָדער די אומה אויף דעם ווייטען וועג פון ענטוויקלונג. ליע איז געבליבען אַ איד, אַ ליעבהאָבער פון און גלויביגער אידישקייט און אידען, ווייל לערנענדיג די אַלטע ספרים אַלטע אידישע קולטור האָט ער דורך דעם דיקען שטויב פאַנאַטיזם און אונוויסענהייט דערהערט דעם אינערליכען ג פון זייער שעהנקייט. און דיעזען גייסט האָט ער אין זיין ה טיעף אריינגעזעצט און איהם מיטגענומען אויף זיין ווייט וועג פון מאָדערנער קולטור. און ווען ער האָט אויך דאָר דעם זעלבען גייסט ענטדעקט האָט ער זיי באַהאַפטען צוזא און מיט זייער הילף איז ער אַוועק זוכען דעם זעלבען גייסט דער וועלט פון דער צוקונפט; און האָט איהם ענטדעקט אין צוקינפטיגער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט.

און דערפאַר איז ליעסין'ס ענטוויקלונג אַ גאַנצע, אַ פ טע, מיט די וואָרצלען אין דער געשיכטע פון זיין אַלטען און מיט די שפיץ צווייגען אין די הימלען פון דער סאָציאַ טישער צוקונפט. און דערפאַר איז ער ניט בלויז אַ דיכטער אַ געוויסער שולע, אָדער אַ געוויסער עפאָכע, אָדער אַ געוו קלאַס. ער איז דער דיכטער פון דאָס גאַנצע אידישע פון אַלע צייטען. ער איז דער דיכטער פון דער גאַנצער מ הייט, פון איהר פאַרגאַנגענהייט, געגענוואַרט און צוקונפ

און ווייל ער האָט מיט זיך פון זיין קינדהייט געטר די ליעבע צו אידישקייט און אידען, און ווייל אין איהם אימער געלעבט אָט דער גייסט, פון דאָס שעהנע אין דער שער קולטור, האָט איהם גאָר קיינמאָל ניט געקענט איינפ צו זוכען אַנדערע שפראַכען, אַנדערע קולטורען אַלס אויס פאַר זיין איינגעבוירענעם טאַלאַנט. זיין פאַרבלייבען אַ א שער שרייבער איז ניט געוועזען אַ סיבה אָדער אויסערליכער צו נאָר אַזוי נאַטירליך ווי ביי די שרייבער פון אַנדערע פעל וועלכע בלייבען ביי זייערע אייגענע שפראַכען.

מיט זיין ליטעראַרישער פערזענליכקייט, מיט זיין ק רעלער גאַנצקייט, מיט דער גלייכער, פרעכטיגער ענטוו פון זיין קאָפּ און האַרץ, מיט זיין אינטעליגענטען וויסען פאַרשטעהן דאָס לעבען, צייכענט זיך אַ. ליעסין אויס צווי אידישע ליטעראַטען. און דאָס מאַכט איהם פאַר איינעם די גאָר ווייניגע אמת גרויסע דיכטער און שריפטשטעלער, אונזער ליטעראַטור פאַרמאָגט.

און דערפאַר האָבען זיך אין זיין יום־טוב, וועלכער ו איצט געפייערט, פאַראייניגט אַזוי פיעל פאַרשיעדענע קל און שיכטען אין דער אידישער קהלה. עס האָבען איהם גע קאָנסערוואַטאָרען פונקט ווי סאָציאַליסטען, ציוניסטען, שיסטען, העברעער, און סתם אידען. אַלע האָבען אין ל געפונען עטוואָס צו אַכטען און צו עהרען. אַלע האָבען אין געזעהן דעם גרויסען שרייבער, דעם גרויסען אידען, דעם סען מחבר, און אַלע זיינען געקומען איהם אָפּגעבען כבוד די פאַרדיענסטען וואָס ער האָט זיך דאָ ערוואָרבען.

# די אַלטע עליז

ערצעהלונג

פון יעקב קרעפּליאַק

... צי פון דער מלחמה, צי פון היץ, נאָר דאָס פאַרוואָר־ ...נע פלאַמאַנישע שטעדטעל, וואו די אַלטע עליז האָט געוואוינט, ...איז געווען ווי אויסגעשטאָרבען.

אַ נעבעל פון די אַרומיגע בלאָטעס אויסגעמישט מיט׳ן טרו־ ...ענעם שטויב האָט זיך געדרייכערט אין דער לופטען, זיך גע־ ...וויעגט איבער דער לייִמיגער, צופּלאַצטער ערד, איבער די עט־ ...יכע פוסטע גאַסען, ווי אַ לייכטער טול אָנגעשטאָכען אויף די ...שפּיעזיגע זונען־שטראַהלען.

קיין מאַנסבילען האָט מען ניט געזעהן. נאָר ווען ניט ווען ...לעגט דורכקריכען אַ קינד, אָדער ס׳פלעגט זיך אַ וויַיז טאָן ...ורכ׳ן גאַס אַ פלאַמאַנדקע מיט איבערגעוואָרפענע עמערס, אין ...רויסע הילצערנע שיך אויף די ענטבלויזטע באָרוועסע פיס, און ...לייך פאַרשוואונדען.

און פּלוצלינג האָט דאָס גאַנצע שטעדטעל ווי אויפגעצי־ ...וערט: סאָלדאַטען, סאָלדאַטען!

אויפ׳ן ברייטען וועג, וואָס איז אויך געוועזען די הויפּט־ ...אַס, האָט זיך באַוויזען אַ וואָלקען און פון דאָרטען האָט אַלץ ...ייטליכער זיך דערטראָגען אַ צושאָטענער פּויקען־קלאַפּ, און ...אַלד האָט זיך דורכגעריסען די מאַרסעליעזע:

„צו די וואַפען בירגער!<br>פאָרמירט באַטאַליאָנען!“

און ווידער האָט זיך געשאָטען דער טרוקענער פּויקען־ ...לאַפּ:

טראַם טאַראַראַם, טראַם טאַראַראַם...

דער דיקער, צואוואַקסענער זשעף, דער בעל־הבית פון דער ...אַפע אויפ׳ן ראָג פון דער הויפּט־גאַס, וואָס האָט פויל געדרי־ ...עלט אין פוסטען שענק ביים טובאַנק, האָט זיך מיט אַמאָל ...ויפגעכאַפּט, אויפגעהויבען דעם גרויסען געלען קאָפּ פון די אונ־ ...טערגעלייגטע פאַרקאַשערטע, האָריגע הענד, זיך צוגעהערט אַ ...וויילע מיט אָנגעשפּיצטע אויערען, ווי אַן אַלטער טרענירטער ...גרד ביים שאַל פון טרומפּייט, און אין איילעניש פאַרשפּילענ־ ...נג די אָפענע געל־באַוואַקסענע ברוסט, זיך אַ לאָז געטאָן צום ...רויסען.

אין קאָרידאָר האָט ער זיך פאַרהאַלטען אַ ווײַלע, און אין ...יין אָטעם אַרויפגעשריען אויף די טרעפּ צום מאַנסאַרד (אויף ...ערשטיבעל):

— עליז, גיכער אַלטע, הערסט סאָלדאַטען קומען, מאַך ...ייט אין קאַפּע!...

אויף די טרעפּ האָט זיך באַוויזען די אַלטע עליז, די ...אַהע האָר צושויבערט מיט אַן אָנגעהויבענעם וואָלענעם זאָק ...ן האַנד. וויַיזט אויס, זי האָט שוין אויך דערהערט דאָס ...קומען פון די סאָלדאַטען.

— מיין הערר לאַשאַרנעל, — האָט זי גערופען צוטור־ ...עלט, — וואָס פאַר אַ סאָלדאַטען? אונזערע צי די אַלבאָ־ ...ינן? (דייטשען).

דער דיקער שענקער, וואָס האָט שוין געהאַלטען ביים ...ויסשפּרינגען אין גאַס, האָט זיך צוטרייסעלט פון געלעכטער.

— אַלבאַשען? געוויס אַלבאַשען! ווי קומען אונזערע ...ער... — האָט ער זיך אַזש פאַרטערערט פון געלעכטער: — ...אַלטע, אַלטע, ביזט שוין אין גאַנצען צודרעהט — האָט ער ...קוקט ווי זי קומט אַ מורמלענדיגע אַרונטער, — זעה מאַך ...סער גרייט אין קאַפּע, כ׳וועל נאָר כאַפּען אַ קוק... — האָט ...אַ מאַך געטאָן מיט׳ן האַנד און זיך אַרויסגעכאַפּט.

די אַלטע עליז איז געבליבען שטעהן, געקוקט אויפ׳ן פּלאַץ, ...ו דער שענקער איז געשטאַנען און געמורמעלט, ווי זי וואָלט ...ערט צו איהם:

— צודרעהט... ס׳איז אמת, זינט פּיער איז אַוועק...

אויפ׳ן גאַס האָט זיך געטומעלט, מוזיק, געזאַנג און פּוי־ קען־קלעפּ האָבען זיך געביטען. קינדער זיינען נאָכגעלאָפען און געסטאַרעט זיך געהן צוזאַמען מיט די סאָלדאַטען אין טראָט...

פון די הייזלאַך האָט די ווייבערשע באַפעלקערונג אַרויס־ געשאָטען מיט קולות: „וויוו ל׳אַרמעע!“ אַלטע לייט האָבען געצויגען די היט און אַרויסגעקוקט פון די פענסטער.

דער שענקער איז צוריק אַריינגעלאָפען, פרעהליך אַ רייב געטאָן די הענד, אָפּגעווישט דעם שווייס און זיך צורעדט:

— דער פאַרטוך וואו?... צושטעל טאַקע, אַלטע, די גלעזלעך, געגוג געזעסען אין אַ פוסטען שענק, איצט וועט זיין עפּעס אַנדערש.

די אַלטע האָט עפּעס געברומט, געווישט די גלעזלאַך און פּלוצלינג אַ פרעג געטאָן:

— מיין הערר לאַשאַרנעלל, איהר האָט געזעהן די סאָלדאַטען?

דעם שענקער האָבען זיך צולאָפען די אויגען:

— וואָס הייסט, צי איך האָב זיי געזעהן? זיי קומען אין די טויזענדער. ס׳איז דאָך עפּעס אַ מלחמה!...

— און זיי בלייבען דאָ שטעהן, מיין הערר? — פרעגט ווידער די אַלטע.

— הינטער׳ן שטאָדט מאַכען זיי דעם לאַגער. זיי וועלען זיך באַלד אַ לאָז טאָן אין שטעדטעל אַריין... — האָט ער זיך פאַרקנעפּעלט דעם פאַרטוך.

— ווי מיינט איהר, מיין הערר לאַשאַרנעל, מיין זוהן איז דאָ ניט פאַראַן?

דער שענקער האָט זיך ווידער צוטרייסעלט פון געלעכטער:

— אַלטע, וואָס פעהלט דיר איין, דו ביזט אין גאַנצען עובר בטול. דיין זוהן איז דאָך גאָר דאָרט און די קומען גאָר אָן פון יענער זייט — האָט ער אַ וויַיז געטאָן מיט׳ן פינגער.

די אַלטע וואָרטשעט, ווישט, צושטעלט די גלעזלאַך, און פּלוצלינג ווידער:

— מיין הערר לאַשאַרנעלל, כ׳וועל צוגעהן אַ קוק טאָן אויף די סאָלדאַטען...

— וואָס דאַרפסטו זעהן די סאָלדאַטען? — קוקט שעלמיש דער שענקער. — מיינסט אימיצער וועט זיך נאָך פאַרליעבען אין דיר?

די אַלטע וואָרטשעט עפּעס און באַלד נאָכאַמאָל:

— מיין הערר לאַשאַרנעלל, כ׳וועל צוגעהן אַ קוק טאָן די סאָלדאַטען.

„וואָס אַ צודרעהטע קען... — קלערט דער שענקער, — מיינסט אַלטע דאַרט צו טרעפען דיין זוהן“, לאַכט ער.

די אַלטע האָט אָנגעשפּיצט די אויערען...

— געה... געה... — איז דער שענקער גוט אויפגעלייגט פון די צוקינפטיגע אויסזיכטען אויף גוטע פאַרדיענסטען, — נאָר זעה לאַנג פאַרזאַם זיך ניט, צום אָוועגד וועט דאָ זיין אַבי־ סעלע אַרבייט. — דערוויַיל מאַכט ער אַ שנאַפּס, און ווען די אַלטע שאַרט זיך אַרויס, שרייט ער איהר נאָך מיט געלעכטער:

— אַז דו וועסט איהם זעהן, גיב איהם אָפּ פון מיר אַ גערוס! — און גלייך נאָך איהר מאַכט ער מיט׳ן האַנד:

— הם! שוין אין גאַנצען אויסגעוועפּט...

---

זינט איהר זוהן, דער אַלטער בחור, איז אַריין אין דער אַרמעע איז די אַלטע עליז געבליבען אָהן מיטלען צום לעבען און האָט זיך געמוזט באַזעצען איבער׳ן שענק אויפ׳ן מאַנסאַרד. אין געוועהנליכע צייטען וואָלט זי דאָס פאַר קיין פאַל ניט גע־

טאָן, כאָטש זי איז אַן אָרעמע, וואָרים וועלכער אַנשטענדיגער בירגער וואוינט דאָס איבער אַ שענק, וואו אפילו נאָך צעהן אַ זייגער אין אָווענד ערלויבט מען זיך נאָך צו זינגען און צו שרייען? אָבער וואָס האָט זי געקענט בעסער מאַכען, אַז פון די עטליכע פראַנק, וואָס זי באַקומט פון דער „קאָמונע“ פאַר איהר זוהן, סטייעט קוים אויף אַ דריטעל, וואָס עס קאָסט. דאַרף זי נאָך דאַנקען גאָט, וואָס ס'האָט זיך איהר געמאַכט די שטעלע ביי זשעפ'ען. אַ׳ זי קריגט אומזיסט די מאַנסאַרד, אַי זי פאַרדיענט נאָך אַ קלייניגקייט, וואַשענדיג און סקראָבענדיג די פאָדלאָגעס און האַלטענדיג אין אָרדנונג דעם שענק.

בסוד פון שענקער שפּאָרט זי נאָך אויך. אַ חוץ דעם שטריקט זי נאָך צו ביסלאכווייז. שוין אויסגעשטריקט אַ לייבעל, איצט שטריקט זי שוין וואָלענע זאָקען.

אַוועק איז סאָלדאַטען — פאַרפאַלען! אָבער וואָס ווייס זי וועגען מלחמה? זי איז זיכער, אַז ער וועט צוריקקומען. ווער ווייס, זי קען איהם נאָך אַמאָל דערזעהן דורכגעהן אויך... סאָלדאַטען האַלט מען דאָך ניט אויף איין אָרט.

זי פלעגט אפילו אַמאָל אין אַ יובל קריגען אַ בריעף, אָבער אַליין לייענען קען זי ניט, און ס'קומט איהר אוים אַזוי פרעמד, איהר דוכט, אַז עס איז גאָר ניט איהר זוהנ'ס רייד.

ער וועט קומען, וועט זי שוין מיט איהם זיך דורכריידען און וועט איהם נאָך דערפרעהען אויך, אַ לייבעל אָפּגעשפּאָרט, די זאָקען שוין באַלד אויך, און דערנאָך וועט זי שפּאָרען אויף אַ ציבוק. דער זוהן איהרער האָט אַזוי ליעב ליולקעס. אַ פולע קעסטעל מיט אַלערליי ליולקעס האָט ער איבערגעלאָזען און געבעטען זי, אַז זי זאָל דאָס אָפּהיטען. היט זי דאָס טאַקע ווי אַ הייליגקייט, און זי וועט נאָך צוקויפען אַ לאַנגען ציבוק, אַ גלאַנציגען מיט אַ מעטאַלענעם מונדשטיק, וועט ער זיך גאָר דערפרעהען, ווען ער וועט קומען.

---

פון דעם ערשטען אַנקומען פון סאָלדאַטען אין שטעדטעל האָבען שוין כסדר גענומען דורכגעהן מיליטער. און ניט נאָר צום פראָנט, נאָר אויך פון פראָנט און שוין אָהן מוזיק. מאָטאָרטראַקס, וועגענער, בהמות, פערד פלעגען זיך שלעפּען היין און צוריק. סאָלדאַטען פלעגען אַנקומען און דורכגעהן מיעדע, פאַרשטויבטע, אָדער דורכגעווייקטע פון רעגען. אין שטעדטעל איז מען שוין צו זיי געוועזן צוגעוואוינט. קיין „וויוו ל'אַרמעע“ פלעגט מען שוין ניט שרייען. זיי פלעגען אָנקומען ווי די שאָטענס און פאַרשווינדען ווי די שאָטענס.

נאָר די אַלטע עליז פלעגט נאָך אַלץ אויפמערקזאַם זיך צוקוקען צו די סאָלדאַטען, וואו זי פלעגט זיי נאָר דערזעהן. פאַר וואָס האָט זי ניט געוואוסט, נאָר איהר האָט זיך די גאַנצע צייט געדוכט, אַז זי קען איהם אָנטרעפען. צייטענווייז פלעגט איהר טאַקע איינפאַלען אין האַרצען, דוכט איהר, אַז איהר זוהן שטעהט פון דער ווייטענס, אָט אַקוראַט אַ הויכער, אַ סטאַטנער מיט אַ ליולקע אין מויל, אָבער נעהנטער פלעגט זיך אַרויסווייזען, אַז ניט...

אין קאַפע פלעגט זי אויך צושטעהן צו לי אַריינגעקומענע סאָלדאַטען מיט איהר שטענדיגער פראַגע:

— מאָסיע לע סאָלדאַ, קענט איהר ניט מיין זוהן מאַסיע שאַגרין?

אין שענק איז געוועזן לעבעדיג. דער שענקער, צופריעדען, פלעגט ער קיין אַכט ניט לייגען וואָס די אַלטע שטעהט צו מיט איהר שטענדיגער פראַגע. ער פלעגט נאָר ממזר'יש אַ וואונק טאָן צום סאָלדאַט מיט איין אויג און אונבאַמערקט אָנווייזען אויפ'ן מוח. און אויב דער סאָלדאַט האָט שוין געהאַט אַ גלעזעל פלעגט מען טרייבען שפּאַס...

אין קאַפע האָט מען אָנגעהויבען ריידען, אַז דער שלאַכטפעלד רוקט זיך צו נעהענטער, און אַז סאָלדאַטען וועלען שוין פאַרבלייבען שטעהן אין שטעדטעל גופא, און אַז ביי יעדען אין הויז וועט מען איינקוואַרטירען סאָלדאַטען.

— און אַפילו ביי דיר, אַלטע, אויפ'ן מאַנסאַרד אויך... האָט זיך גע'חכמה'ט דער שענקער.

— אויף וועמעס קאָסטען? — האָט זיך די אַלטע דערשראָקען.

— געוויס אויף דיינע... — האָט זיך געוויצעלט דער שענקער.

— ניין, מיר צאָהלען—האָט זיך אַריינגעמישט אַ סאָלדאַט.

— וואָס פאַר אַ צאָהלען! — האָט שוין ערנסט אָפּגעענטפערט דער שענקער. — מען גיט אַ קלייניגקייט... גרייט זיך צו, אַלטע, עפענען דעם קניפּעל...

— כ'האָב ניט — האָט די אַלטע געוואָרטשעט, און דער ציבוק איז איהר געהאַנגען פאַר די אויגען, — כ'קען קיין סאָלדאַטען ניט נעמען...

אין גיכען האָט טאַקע די אַלטע דערזעהן, אַז עס געהען אַרום סאָלדאַטען מיט די צוויי פּאָליסלייט פון שטעדטעל און פאַרצייכענען מיט קרייד אויף די טירען און ווען זי האָט נאָכגעפרעגט וואָס דאָס באַדייט האָט מען איהר געזאָגט, אַז דאָס מיינט: „5 מענשען מיט 2 פערד“. זי האָט זיך די ערשטע צייט געשראָקען, אָבער ביי איהר אויפ'ן מאַנסאַרד האָט מען קיינעם ניט איינגעקוואַרטירט און זי האָט זיך בארוהיגט.

ווידער האָט מען אָנגעהויבען ריידען אין שענק, אַז מען וועט איינקוואַרטירען פאַרוואונדעטע, אין די הייזער. און דער שענקער האָט ווידער געשפּאַסט:

— אַלטע, דיר וועט מען אויך אַריינגעבען אַ פּאָר פאַרוואונדעטע.

אויף וועמעס קאָסטען? — האָט זי דאָס זעלבע געפרעגט

— הם... צאָהלען צאָהלט מען אַ קלייניגקייט און ה... איבעריגע פון קניפּעל...

— כ'בין אַן אָרעמע — האָט די אַלטע געוואָרטשעט, — כ'האָב קיין קניפּלעך ניט...

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט די אַלטע טאַקע געזעהן ווי... עס געהען אַרום אָפיצירען מיט רויטע צלמים אויפ'ן אַרבע... צוזאַמען מיט'ן שטעדטעלשען דאָקטאָר, מען באַקוקט עפּעס ד... הייזער און מען פאַרצייכענט.

ביי איהר אָבער איז מען נאָך ניט געוועזן...

און פּלוצלינג, אין אַ שעהנעם טאָג, ווי זי האַלט אין מיט... שטריקען און טראַכט פון ציבוק, הערט זי שווערע טריט אוי... די טרעפּ און איידער זי באַווייזט נאָך עפענען די טיר, זעהט... שוין דעם בעל-הבית דעם שענקער, די פּאָליסלייט פון שטעדט... און אַ בלינדען צוקריפּעלטען סאָלדאַט אויף קוליעס.

— אַלטע, מען האָט דיר געבראַכט... — האָט דער שע... קער מאָדנע אָנגעהויבען.

ביי דער אַלטער האָבען זיך די אויגען אָנגעצונדען און... האָט זיך צובייזערט:

— כ'וויל ניט, כ'קען ניט, כ'בין אַן אַלטע אָרעמע פר... וואָס האָט איהר געבראַכט אַהער?...

— אַ מאַמע, מאַמע מיינע!... — האָט זיך דער קריפּ... צושלוכצט...

דער שענקער מיט די פּאָליסלייט האָבען אַוועקגעדרעה... די קעפּ.

---

נאָך איין חודש צו דער דעטראָיטער קאָנווענשאָן און עס פעהלען נאָך אַרום פינף טויזענד צו די פינף און זיבעציג טויזענד. וואָס קענט איהר טון פאַר דעם?

* * *

מעהר נישט, וואָס די גרעסטע טייל אַגיטאַטאָרען זיינען ווי אויף צו להכעיס אַמעריקאַנער געבאָרענע אָדער מיט בירגער־פּאַפּיערען, ווען נישט — אָ, ווען נישט וואָלטען מיר זיי שוין געוויזען ווי אַזוי צו העצען צו סטרייקס, דעמאָנסטראַציעס און רעפאָרמען...

— (אַן אָפּגעריסענער פאָדים פון איינעם פון סענאַטאָר קינג'ס חלומות.)

דערוויל איז נאָך האַלבוועגענס גרינג צו ווערען אַ בירג... אָבער די טענדענץ איז איצט אַזאַ ביי אונזערע געזעצמאַכער... וואַשינגטאָן צו מאַכען אַ רייהע שוועריגקייטען, ספּעציעל פאַר א... פאַרמעגליכע מענשען. אײלט זיך צו און גענוט אַרויס אייערע... פּיערען.

* * *

אַ פּעטערסאָנער קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי האָט געמאַכט צוואַנ... טויזענד דאָלאַר פּראָפיט אין דעם פאַרגאַנגענעם יאָהר און האָט... שפּאָרט אויסער דעם איהרע מיטגליעדער טויזענדער דאָלאַר. דע... איהר נישט, אַז אייער שטאָדט וואָלט עס אויך געקענט פאַרדיענ...

ס. וו. גאָרדאָן:

# באַיאָנעטען מאַרש

טראַט - טראַט - טראַט ...
פופצעהן שטונדען ווי מיר טרעטען
טראַט - און - טראַט.
אויף די אַקסלען באַיאָנעטען;
פאָרענט, הינטען — באַיאָנעטען;
בליי מיט שראַט.

טראַט - טראַט - טראַט ...
צוואַנציג שטונדען ווי מיר טרעטען
טראַט - און - טראַט.
שטיל און שטום ווי די סקעלעטען;
גאַנצע וועלדער באַיאָנעטען; —
גאַט מיין גאַט!

טראַט - טראַט - טראַט ...
און מיר טרעטען, רק מיר טרעטען
טראַט - און - טראַט.
פונקען בליצען, ווי קאָמעטען,
שפּיצען פון די באַיאָנעטען;
טראַט - טראַט - טראַט ...

טראַט - טראַט - טראַט ...
פון די שטומע באַיאָנעטען, —
טייפעל - שפּאַט!
פּלאַצען פּלוצלינג בליין ראַקעטען.
קאַלטע שטומע באַיאָנעטען;
בליי מיט שראַט!

טראַט - טראַט - קנאַל!
שוידערהאַפטיגע פּאָרטרעטען —
גיפט און גאַל ...
קיווער, פּאַנצער. עפּאָלעטען
אויף די שפּיצען באַיאָנעטען.
קנאַל, קנאַל, קנאַל ...

טראַט - טראַט - טראַט ...
דרייסיג שטונדען ווי מיר טרעטען
טראַט - און - טראַט.
פאַלען פיעלע באַיאָנעטען, —
ווערען אינ'ם שטויב צוטרעטען —
טראַט ... טראַ ... טר ...

— — — — — — — — — — — —

שטראַהלט די זון
ביליאָנענווייז ראַקעטען.
ברענט די זון.
טאַנצען שדים טראַט-באַלעטען
אויף די טויזענדער סקעלעטען.
בלייכט די זון.

בליקט די ערד
ווי מיר טרעטען, ווי מיר טרעטען.
זיפצט די ערד
אויף די בלוטיגע באַלעטען,
אויף די מחנות באַיאָנעטען.
וויינט די ערד.
וויינט די ערד.
טראַט ... טראַ ... טר ...

---

# אָוונט-בלוי

(קינדער-ליעד)

פון משה קאַרמאַן

אין דעם שטילען אָוונט-בלוי
קוקט דער בלויער אָוונט-שיין
ליעב, פאַרטראַכט אין שטוב אַריין.

קוקסטו פון דער שטוב אַרויס
הענגען שטערענדלאך פאַרשפּרייט
ווי דימאַנטלאך, ווייט און ברייט.

וואו עס פאַלט פון אויג דיין בליק
זעהסטו שטערענדלאך אָהן צאָהל
פינקלען איבער בארג און טאָל.

און דער בלויער אָוונט-שיין
ווי פון בלוי-געוועב געבעט
הוכט זיך צערטעלט דיך און גלעט.

שפּיעלט דער אָוונט זיך אַזוי
ביז עס רוקט זיך אָן די נאַכט,
ווערען טירען דאַן פאַרמאַכט.

ווערען טירען צוגעמאַכט,
פאַלט אַראָפּ דאָס הימעל-בלוי,
קושט עס שטיל דעם אָוונט-טוי.

---

יעדער טאָג איז אַ טאָג נעהענטער צו די פינף און זיבעציג טויזענד.

# דער אלף־בית פון לאגיק

(ווי אזוי מיר דענקען)

פון פיליפ קראנץ

## ווייטערע באטראכטונגען איבער ווערטער און טערמינען

א זעהר וויכטיגע צוטיילונג פון נאמענסווערטער/ אדער טערמס איז אין קאנקרעטע און אין אבסטראקטע. א קאנקרעטער נאמען איז אזעלכער וואס באצייכענט א פיזישע זאך, א חמר, ווי מען זאגט עס אויף העברעאיש; אן אבסטראקטער נאמען, א מופשט אויף העברעאיש, דריקט אויס די קוואליטעט (העברעאיש: איכות), דעם אטריבוט (העברעאיש: תואר) אדער דעם צושטאנד פון א זאך.

למשל, אייזען, האלץ, וואסער זיינען נעמען פון פיזיש־עקזיסטירענדע זאכען, פון חמר'דיגע אדער קאנקרעטע געגענשטאנדען. אויך „צושמאלצענע אייזען", „ווייסע האלץ", „פארפרארענע וואסער" זיינען קאנקרעטע נעמען, ווייל אזעלכע זאכען עקזיסטירען דאך פיזיש. מיט דיזע ווערטער דריקט מען אויס דעם געוויסען צושטאנד, אין וועלכען דיזע זאכען געפינען זיך.

ווען מען וואלט געהאט באזונדערע ווערטער פאר יעדען צושטאנד, פאר יעדע פארם פון א זאך, וואלטען די שפראכען געווען זעהר רייך אין סובסטאנטיוועו (נאמענסווערטער) און זעהר ארים אין אדיעקטיוועו. פאר „פארפרארענע וואסער" האט מען גראדע א באזונדער ווארט: נעמליך „אייז". אבער דיזע זאך, סיי אין א פליסיגען, סיי אין א הארטען אדער פארפרארענעם צושטאנד, סיי אין א גאז־צושטאנד, בלייבט דאך די זעלבע — אלץ וואסער, ווי מען זאל איהר ניט רופען. „פערפרארענע וואסער" איז דארום אזא קאנקרעטער נאמען ווי „אייז".

ווען מיר זאגען אבער „פערפרארענקייט", „ווייסקייט", „רויטקייט", דריקען מיר שוין אויס געוויסע קוואליטעטען אדער מהות פון זאכען. און דאס זיינען שוין אבסטראקטע נעמען. צו אזעלכע באגריפע קומען מיר דורך א געוויסען פראצעס אין אונזער מארך, דורך א געוויסע פעהיגקייט אונזערע, וואס מיר רופען אבסטראקציאן (פון די לאטיינישע ווערטער: ab — פון, traho — ציהען). מיר דענקען וועגען די אייגענשאפטען פון א זאך, מיר שטעלען זיי זיך פאר און מיר דריקען זיי אויס מיט געוויסע ווערטער, אבער מיר דענקען פון דעסטוועגען ניט, אז קוואליטעט קען עקזיסטירען אליין פאר זיך, אויסערהאלב דעם שטאף, אין וועלכען זי ענטפלעקט זיך פאר אונז. ווייסקייט,-למשל, מיינט אזא פארשטעלונג אין אונזער געדאנק, אדער עטוואס אזעלכעס אין זאכען, וואס רופט ארויס אין אונז דיזען באגריף.

יעדער אלגעמיינער נאמען איז אייגענטליך דער רעזולטאט פון אן אבסטראקציאן. ווען מיר זאגען „מענש", „בוים", „שטיין", מיינען מיר דאך דערביי געוויסע סארטען חיות, פלאנצען און מינעראלען. פיזיש אדער קאנקרעט עקזיסטירט א געוויסער מענש, א געוויסער בוים, א געוויסער שטיין; אבער ניט עפעס אזא זאך ווי א מענש בכלל, א חיה, פלאנץ אדער מינעראל בכלל. נור מיט אזעלכע נעמען באצייכנען מיר דאך אלץ זאכען, וואס עקזיסטירען פיזיש, קאנקרעטע זאכען, ניט בלויז זייערע מעלות, זייערע אטריבוטען. אט ווי מיר שטעלען עס זיך פאר אין אונזער גייסט בשעת מיר באנוצען זיך מיט ריכטיגע אבסטראקטע נעמען, ווי, למשל, ווייסקייט, גוטסקייט, פיינקייט וכדומה.

מען דארף דארום ניט צוזאמענמישען אלגעמיינע נעמען מיט אבסטראקטע נעמען. קורץ גערעדט: אבסטראקט מיינט דעם היפוך פון קאנקרעט. אין דיעזען

זינען געברויכט דזשאהן סטיוארט מילל דעם ווארט אבסטראק[...] אין זיין לאגיק און אין דעם זעלבען זינען וועלען מיר אי[...] דא געברויכען.

וואס אנבאלאנגט אדיעקטיוועו, ווערען זיי גער[...] כענט און דארפען גערעכענט ווערען פאר קאנקרעט[...] טערמס. די מעלה פון א זאך, וואס ווערט באצייכענט ד[...] אן אדיעקטיוו, איז דאך פארבונדען מיט ד[...] זאך גופא. ווען מיר זאגען, למשל, „שארפער מעסער" מיינען מיר דערמיט אזא מעסער, וואס איז שארף און [...] טעמפע. יעדענפאלס איז דאס דאך אלץ א מעסער, אלזא [...] קאנקרעטע זאך. אבער „שארפקייט" באצייכענט א מעל[...] וואס איז אויסערהאלב דעם מעסער, ווי א[...] סערהאלב אנדערע פיזישע זאכען, וועלכע קענען זיין שא[...] און וואס קען אויך געברויכט ווערען און ווערט טאקע געברוי[...] אין א פיגוראטיוועו זינען אדער בלשון מלי[...] (למשל, שארפקייט פון שכל). נור אזעלכע נעמען, ווי שא[...] קייט, שפיציגקייט, רויטקייט (דאס איז אייגענטליך דער נאמ[...] פון א געוויסען קאליר, וואס איז אן אל[...] מיינער אבסטראקטער נאמען, ווייל קאליר שליסט דאך זיך איין אלערליי פארבען), גוטסקייט, שע[...] קייט — דאס זיינען אלץ אמת אבסטראקטע נעמען.

יעדען אלגעמיינען קאנקרעטען נאמען קען מען אייגענט[...] אומוואנדלען דורך געוויסע גראמאטיקאלישע פארמען אין [...] אבסטראקטען נאמען. אט למשל: פלאנץ — פלאנצק[...] טהיער — טהיערקייט (מען זאגט: טהיערישקייט), זאלץ [...] זאלצקייט (מיר האבען טאקע אין אונזער שפראך אזא [...] סטראקטען נאמען, ווי „געזאלצענקייט"), מעטאל — מעט[...] קייט, א. ז. וו. אבער יעדע שפראך האט זיך אין דיזען [...] איהרע קאפריזען. עס איז מייסטענס דורך א צופאל, [...] עס קומען אריין אין א שפראך מעהר אדער ווייניגער באשטימ[...] אבסטראקטע ווערטער.

אין אלגעמיין קען מען זאגען, אז דורך אונזער גי[...] טיגער ענטוויקלונג וואקסט אלץ מעהר [...] צאהל פון אבסטראקטע ווערטער אין אונז[...] שפראכען.

ווי אפט קאנקרעטע נעמען ווערען צוזאמענגעמישט [...] אבסטראקטע אין געשפרעכען און אויך אין שריפטען, קען [...] שליסען פון פאלגענדע ביישפיעלען, אט ווי די ווערטער [...] ציאן און נאציאנאליטעט", „אקציאן און אקט", „פראדוקצ[...] און פראדוקט", א. ז. וו. „נאציאן" איז אייגענטליך א ק[...] קרעטער נאמען און „נאציאנאליטעט" — אן אבסטראק[...] נאמען; אבער אפילו אין ערנסטע ביכער מישט מען צוזא[...] דיזע ווערטער, מען געברויכט איין ווארט אנשטאט דעם [...] דערען. „פראדוקטיוויטעט" ווערט אויך צוזאמענגעמישט [...] „פראדוקציאן".

פראפעסאר דזשעוואנס באמערקט גאנץ ריכטיג [...] זיין עלעמענטארער לאגיק, דאס אפילו לאגיקער גופא זינדי[...] זעהר פיעל אין צוזאמענמישען אבסטראקטע מיט קאנקר[...] נעמען.

אן אנדער וויכטיגע צוטיילונג פון נעמען איז־אין פא[...] טיווע און נעגאטיווע. דער געוועהנליכער אונט[...] שיעד ווארפט זיך גלייך אין די אויגען. נעגאטיוו הייסט [...] דער געגענזאץ פון פאזיטיוו. פון יעדען פאזיטיווען נא[...] קען מען מאכען א נעגאטיווען דורך די צוזעצונג פון „[...] „קיין", „אונ", „אין", א. ז. וו. אט למשל: ריכטיג — [...]

ריכטיג, מענש — אונמענש, מעגליך — אונמעגליך, דירעקט — אינדירעקט.

עס זיינען אָבער פאַראַן גאַנץ באַזונדערע נעגאַטיווע נעמען, וועלכע שיינען צו זיין פּאָזיטיווע, ווי למשל, פינסטער־נים, אַרמוטה, עלענד, פוילקייט, א. ז. וו. דאָס וואָס איז ניט־ליכטיג, איז פינסטער. פינסטערנים איז דער נעגאַטיוו פון ליכטינקייט אָדער פון שיין; פוילקייט איז דער נעגאַטיוו פון אַרבייטזאַמקייט; אַרמוטה איז דער נעגאַטיוו פון רייכטום; עלענד איז דער נעגאַטיוו פון גליקזעליגקייט.

עס זיינען ווידער פאַראַן נעמען וואָס האָבען די נעגאַטיווע פאָרמע און וואָס זיינען דאָך אָדער קענען גערעכענט ווערען פאַר פּאָזיטיווע. למשל „אונבאַקוועם" מיינט ניט בלויז די אַבוועזענהייט פון באַקוועמליכקייט; „אונאַנגענעהם" מיינט ניט בלויז די אַבוועזענהייט פון אונאַנגענעהמקייט; „ניט־גוט־קייט" מיינט אויך אַ געוויסען פּאָזיטיווען פיזישען צושטאַנד. „ניכטער" מיינט אייגענטליך דאָס זעלבע וואָס „ניט־שיכור" אָדער „ניט־באַזויפען". און ווען מען נעהמט דאָס ניט אין באַטראַכט, קומען דורך דעם אַרוים פּלאָנטערס און פאַלשע אור־טיילען און שלוסציהונגען.

עס איז פאַראַן אַ קלאַס נעגאַטיווע נעמען, וואָס לאָגיקער ־ופען פריוואַטיווע (דאָס מיינט: מאַנגעלהאַפט), ווי משל, בלינד, שטום, טויב, א. ז. וו. בלינד מיינט ניט בלויז ־ים־זעהענדיג אָדער אפילו ניט־זייענדיג אין שטאַנד צו זעהען. משל וועגען שטיינער קען מען דאָך ניט זאָגען, אַז זיי זיינען ־לינד. אונטער קיינע אומשטענדען קענען זיי דאָך ניט זעהען. ־אָס קען מען נור זאָגען וועגען אַזעלכע באַשעפעניסען, וועלכע ־וואָלטען יאָ געקענט זעהען, ווען זייערע אויגען וואָלטען זיך גע־ ־ונען אין אַ נאָרמאַלען צושטאַנד. ווען מיר זאָגען, אַז אַ פיש ־יז שטום, איז דאָס טאַקע אַ נעגאַטיווער טערם, ווייל אַ פיש ־אָט ניט אַן אָרגאַן אַרויסצולאָזען קלאַנגען; אָבער ווען מיר ־אָגען אַז אַ מענש אָדער אַן אַנדער חיה, וואָס באַזיצט אַן אָרגאַן ־ום אַרויסלאָזען קלאַנגען, איז שטום, דאַן איז עס אַ פּריוואַטיווער טערם.

אין לעצטען פאַל ווערט דורך די שטומקייט באַצייכענט פון ־יין זייט די אַבוועזענהייט פון געוויסע טיילען פון די ־רגאַנען צום ריידען אָדער בכלל צום אַרויסלאָזען קלאַנגען, און ־ון דער אַנדער זייט די אַנוועזענהייט פון אַנדערע ־יילען פון די זעלבע אָרגאַנען, אָהן וועלכע מען קען גאָר ניט ־רוואַרטען צו באַזיצען די פעהיגקייט צו ריידען אָדער אַרויסצו־לאָזען קלאַנגען. אַזוי איז עס אייגענטליך מיט יעדען פּריוואַ־ ־יווען טערם.

אום אויסצומיידען מיספאַרשטענדניסע און פּלאָנטערס אין ־עם געברויך פון נעגאַטיווע טערמס, דאַרף מען נעהמען אין ־באַטראַכט ניט בלויז די אַבוועזענהייט פון אַ מעלה, ־נדערן אויך אוי גרויס עס איז, ווי ווייט עס דער־ ־ייכט די דאָזיגע אַבוועזענהייט, קורץ: איהר מדרגה. ־וישען גוטסקייט און שלעכטקייט, צווישען גרויסקייט און ־יינקייט, צווישען עהרליכקייט און אונעהרליכקייט זיינען דאָך ־אַראַן געוויסע מדרגות. „ווייניגער" מיינט ניט גראַדע דעם ־גאַטיוו אָדער היפּך פון „גרעסער".

מען דאַרף אויך מאַכען אַן אונטערשיעד צווישען נעגאַ־ ־ווע און ווידערשפּרעכענדע אָדער היפּוך'דיגע טערמס. וואָס ־באַטרעפט קוואַנטיטעט אָדער ריכטונג איז עס פון אַ לאָגישען ־טאַנדפּונקט אייגענטליך ניט וויכטיג, וועלכען פון צוויי ווי־ ־רשפּרעכענדע טערמס מען זאָל אַננעהמען פאַר פּאָזיטיוו אָדער ־ור נעגאַטיוו. למשל, ווען איהר זאָלט געהן רעכטס און דאָס באַטראַכטען פאַר אַ פּאָזיטיווע ריכטונג, וועט אייער געהען לינקס שוין זיין אַ נעגאַטיווע ריכטונג. ווער עס האָט געלערנט אַלגעבראַ, דער ווייס, אַז פּליוס (פּאָזיטיוו) איז בלויז דער געגענזאַץ פון מינוס (נעגאַטיוו). נעהמען מיר אָן, אַז די טעמפּעראַטור איבער אַ באַשטימטען צייכען אויף אַ טערמאָמעטער (געוועהנליך רופט מען דאָס וואַרעמקייט) איז פּליוס, דאַן איז די טעמפּעראַטור אונטער דעם זעלבען צייכען (געוועהנליך רופט מען עס קאַלט) מינוס. (דער אַל־געברישער צייכען פון פּליוס איז +, פון מינוס איז —); למשל, פּליוס (+) 10 גראַד פון אַ טערמאָמעטער איז אַזוי ווי צו זאָגען 10 גראַד וואַרימקייט; און מינוס (—) 10 גראַד איז אַזוי ווי צו זאָגען 10 גראַד קעלט. נור אין אַזעלכע איינצעל־הייטען און חקירות קענען מיר זיך ניט אַריינלאָזען אין קורצע אַרטיקלען איבער עלעמענטאַרע לאָגיק. מיר האָבען בלויז גע־וואָלט קלאָרער מאַכען די אונטערשיעדען צווישען אַזעלכע נעמען אָדער טערמינען.

אַ וויכטיגע צוטיילונג פון נעמען איז אויך אין רעלאַ־טיווע און אַבסאָלוטע אָדער ניט־רעלאַטיווע. אַ רע־לאַטיווער נאָמען איז אַזעלכער, וואָס איז מעהר אָדער ווייניגער פאַרבונדען מיט אַן אַנדערען, אָט ווי למשל: פאָטער און זוהן, לעהרער און שילער, אורזאַך און פאָלגע, קעניג און אונטער־טאַנען. אַזעלכע נעמען געהען שטענדיג פּאָרווייז. יע־דער רעלאַטיווער נאָמען צייגט צוגלייך אָן אויף אַן אַנדער זאַך אָדער זאַכען, וואָס זיינען אָבהענגיג פון איהם. אַזעלכע נעמען ווערען אויך גערופען קאָרעלאַטיווע (פון די לאַטיינישע ווערטער: קאָן — צוזאַמען, רעלאַטיוו — פאַרבונדען, פערוואַנדט). ווען מיר רופען איינעם זוהן, פאַרשטעהט עס זיך שוין, אַז עס מוזען זיין אַנדערע אַלס זיינע עלטערן. ווען מיר באַצייכנען איין פאַסירונג אַלס דעם רעזולטאַט, נעהמען מיר צוגלייך אָן, אַז עס איז פאַראַן אָדער עס וועט זיין אַן אַנדער פאַסירונג אַלס אַן אורזאַכע. ווען מיר זאָגען וועגען אַ וועג, אַז ער איז לענגער, נעהמען מיר אָן, אַז עס איז פאַראַן אַ קירצערער וועג. ווען מיר זאָגען, אַז אַ זאַך איז עהנליך צו אַן אַנדערער, מיינען מיר אויך דערביי, אַז די אַנדערע זאַך איז עהנליך צו איהר.

אַזעלכע נעמען אָבער, ווי למשל וואַסער, אייזען, פייער, בוים, ווערען גערעכענט פאַר אַבסאָלוטע, ווייל זיי רופען ניט אַרויס גלייך אין אונזערע געדאַנקען אַ געגענזייטיגע פאַרבינדונג מיט אַנדערע נעמען. ריכטיגער איז זיי צו רופען ניט־רעלאַ־טיווע. ווייל עס איז אייגענטליך ניטאָ אַזאַ זאַך, וואָס זאָל גאָר ניט זיין פאַרבונדען מיט אַן אַנדערער. אַבסאָלוטעס גיבט עס איבערהויפּט ניט אין דער נאַטור. אַלעס איז רעלאַטיוו. אָט, למשל, וואַסער איז דאָך אַ באַהעפטונג פון צוויי געוויסע יסודות אָדער עלעמענטען, אַ בוים איז פאַרבונדען דורך זיינע וואָרצלען מיט'ן באָדען, אייזען איז פאַרבונדען מיט אַנדערע עלעמענטען און געוויסע מינעראַלען, א. ז. וו. אַלעס וואָס עס געפינט זיך אויף דער ערד, איז דאָך נאַטירליך פאַרבונדען מיט דער ערד. און יעדע זאַך וואָס טראָגט אַ נאָמען איז דאָך פאַר־בונדען מיט עקזיסטענץ.

אָבער אין דער לאָגיק איז עס אָנגענומען צו באַצייכענען אַלס רעלאַטיווע נור אַזעלכע נעמען אָדער טערמינען, וועלכע האָ־בען אַ ספּעציעלע פאַרבינדונג איינע מיט די אַנ־דערע, אָט ווי אין די אויבען־געבראַכטע ביישפּיעלען. און אין דיעזען זינען וועלען מיר עס אויך געברויכען.

עס זיינען נאָך פאַראַן אַנדערע סאָרטען נעמען און טערמינען, נור דאָס וועלען מיר שוין לאָזען פאַר דעם נעקסטען אַרטיקעל.

---

־מוני איז נאָר איין קרבן פון צווישען צוויי טויזענד אַנדערע ־לקס־מאַרטירער, וואָס זיצען אונטער ריגעל און שלאָס. זיי זאָלען ־ מוזען באַפרייט ווערען.

* * *

יעדער נאָרמאַלער מין אויף דער וועלט קען זיך רעפּראָדוצירען. ־ער מיטגליעד אין אַ. ר. דאַרף קענען אַריינגעמען נאָך אַ ־גליעד.

...ניין, מיט'ן באַלאַנגען צום אַ. ר. אַליין איז מען נאָך ניט יוצא. מ'מוז באַלאַנגען אויך צו דער יוניאָן, און צו דער סאָצ. פּאַרטיי און טאַקע אויף צו דער קאָאָפּעראַטיווע.

* * *

האָבען נאַציאָנאַלע רעכט אין פּאַלעסטינא און זיין באַרויבט דער־פון אין אַלע איבעריגע לענדער איז פּונקט ווי אַ קערפּער, וואָס האָט נאָר איין אבר אַ געזונטען און דאָס נאָך דעם אונוויכטיגסטען.

---

**ציינט אַלעמען אין שאַפּ דעם „פריינד" און ערקלערט ווי אַזוי מ'קען איהם האָבען.**

# די וואַנט פון מאַונדסוויל

פון י. ב. בייַלין

„...און אין דעם אָנפאַנג פון זייער גסיסה האָבען די שקלאַפען־אייגענטימער געכאַפּט דעם גרויסען אַלטען באפרייער, געשמידט איהם אין קייטען און אַריינגעוואָרפען אין אַ פינסטערער תפיסה...“

אזוי האָסטו, יודזשין וו. דעבס, מיט היבשע עטליכע יאָהר צוריק געשריעבען וועגען דזשאהן בראון, דעם נביא פון די פּופציגער אין פאָריגען יאָהרהונ־דערט, ווען די שאַנדע פון שקלאפעריי האָט נאָך באדעקט דעם שטערן פון דער גרויסער אמעריקאַנער רעפּובליק. עס איז היה, אָבער קיינמאָל פיליייכט נישט פאָרגעקומען, אז דער זעלבער זאַץ וועט קענען געשריעבען ווערען פון א צוקינפטיגען געשיכטע־שרייבער וועגען דיין אייגענעם גורל.

דו פיהלסט, אז אַזעלכע זינלאָזע, ברוטאלע משפּטים, ווי אונזער אמעריקאַנער „גערעכטיגקייט“ טיילט יעצט אויס צו אַלע די, וואָס וואַגען צו האָבען אַנדערע מיינונגען און אַן אנדער געוויסען, קענען זיך אנדערש נישט ערקלערען סיידען דורך דעם, וואָס דער הערשענדער קלאַס, מיט וועמען די „גערעכטיג־קייט“ איז אין פולען איינקלאַנג, פיהלט, אַז עפּעס פאַטאַלעס הענגט איבער זיין קאָפּ...

דו ווייסט, אַז פיעלע פון די קייזער־מערדער אין דעם פאַר־צייטיגען פאַרשאָלטענעם רוסלאַנד האָבען קיינע גרעסערע שטראָפען נישט באַקומען, ווי די, וואָס מ'האָט יעצט גערעכט־פערטיגט אויף דיר און אויף פיעלע אַנדערע פון די שעהנסטע און בראַווסטע זיהן פון דער גרויסער רעפּובליק. דער מיט די שפּיזען־וואָנסעס פאַרריסענער יונקער־געזאַלבטער, ווילִיאַם האָ־הענצאָלערן, האָט נישט געוואַגט זיין ביטערסטען שונא, ליעבקנעכט'ן, דורך זיין קייזער־קעניגליכען קריעגס־געריכט מיט אַזאַ פּסק צו דערשלאָגען, ווי דאָס העכסטע געריכט אין דער דעמאָקראַטישער רעפּובליק האָט באוויזען, ווען דער באַ־ריהמטער מחבר פון „די נייע פרייהייט“ איז געווען איהר פיהרער...

„ווער וועט זיין דער דזשאהן בראון פון דער לוין־שקלאַ־פעריי?“ — פרעגסטו צום סוף פון דיין וואונדערשעהנער עלע־גיע. האָסטו עס דאַן קיין שום פאָרגעפיהל נישט געהאַט, אַז דו קענסט עס זיין? האָסטו עס קיינמאָל נישט גע'חלומ'ט וועגען דעם גאָלד בעשטראַהלטען דערנער־קראַנץ אַרום דיין זילבער־ווייסען קאָפּ? אין עס מעגליך?!

אָדער, עס קען זיין, אַז דיין נביא'שער גייסט האָט דיר גראָד אונטערגעזאָגט צו פאַרטיעפען זיך אין די נשמות פון אַזעלכע לויטערע און ליכטיגע קעמפער ווי פיליפּס, בראַון, איירא‌ָנס און פּאַרסאָנס, דערפאַר, ווייל דו האָסט שוין אינטואיטיוו דערשפּירט, אַז דו ביזט באַזעעלט געוואָרען מיט דעם זעלבען הייליגען גייסט, וואָס זיי; אַז אין דיינע אָדערען פליסט די זעלביגע מאַרטירער־בלוט, וואָס ביי זיי; אַז אַלע נערווען און פיבערען פון דיין גאַנצען „זיין“ וויברירען מיט די זעלבע איילבירטיגע קדושים־געדאַנקען, ווי ביי זיי?...

דו האָסט עס געפיהלט, דו האָסט עס געוואוסט! ווען נישט וואָלט דיין אויג נישט געקוקט אזוי קינדיש־מילד אין דער זעלבער צייט, ווען אין דיין מוח אַנטפלעקען זיך און בליצען אויף די צייטיגע געדאַנקען פון אַ נייער וועלט. ווען נישט וואָלט דיין שטימע נישט געברילט אזוי ווי ביי אַ לייב, אין דער צייט ווען דיין הארץ האָט זיך געוויקעלט אין די צאַרט־סטע און בלומיגסטע חלומות פון אַ יונגען גאָט...

דו האָסט עס געוואוסט! יעדענפאַלס האָסטו עס גע־מעגט וויסען. יעדער אָפּגאָט מוז האָבען זיינע קרבנות, צי עס איז דער משונה'דיגער קראָקאָדיל פון נילוס, וואָס דאַרף זיינע צייהנער פיהלען אויף די צאַרטע און זאַפטיגע גליעדער פון אַ זויג־קינד, צי עס איז די רייצענד־פאַרפיהרערישע געטין קאַלי נעבען דעם גאַנגעס, וואָס מוז פאַרצעהרען די בליהענדע ברוסט פון אַן אַכצעהן־יעהריגער בתולה. אזוי זיינען שוין די אָפּגעטער צוגעוועהנט מקדמות־עולם... בעל אזוי ווי עשתרות; בל אזוי גוט ווי כמוש; מאַמאָן אזוי גוט ווי מלך.

מאַמאָן האָט אָבער אין אַנאַנדער צייט איבערגענומען זיין ממשלה, ווי מלך... צו האָבען דעמזעלבען אַפּעטיט אַליין איז נאָך נישט גענוג — מ'דאַרף נאָך האָבען די זעלביגע באַק־צייהנער, און וואָס עס איז נאָך וויכטיגער — די זעל־ביגע צאָהל מאַמינים.

און דיר דאַרף מען דאָך נישט דערצעהלען ווי עס האָלט מיט מאַמאָנ'ס באַק־צייהנער און מיט וויפיעל אויפריכטיג מאַמינים ער איז עס געבליבען אין זיין טעמפּעל... דו האָסט דאָך עס אונז פאַר די לעצטע צוויי צעהנדליג יאָהר, הונדערטער מאָל, אזוי שעהן און אזוי איבערצייגענד דערצעהלט!

דו ווייסט דאָך עס נאָך זיכערער און נאָך פּינקטליכער, ווי די צעהנדליגע טויזענדער תלמידים דיינע, וואָס טראָץ דער שרעקליכער ערשיטערונג איבער דיין ערדישען שיקזאַל זיינען גרייט צו טראָגען די זעלביגע הייליגע לעהרע דורך פייער און דורך וואַסער ביז די פאַרגראַטעוועטע טיר פון דיין תפיסה און פון די הונדערטער און טויזענדער אַנדערע תפיסות, וועט זיך אויפפּראַלען.

געוויס וואָלטען מיר וועלען זעהן דיין פּנים ציהענדיג מיט אונז אין שלאַכט, אָבער מיר זאָלען איהם זעהען וואַכענדיג און אין שלאָף, מיר זאָלען איהם תמיד פאַר אונזערע אויגען זעהן ציהען, ווי פאַר די קינדער פון ישראל דער עמוד האש אין דעם לאַנגען, אונענדליכען מדבר.

געוויס וואָלטען מיר וועלען דיין נבואה־וואָרט ווייטער ווי טוי זאָל טריפען אין אונזערע אויערען און זאָל אונז היילען און שטאַרקען, אָבער ער וועט אונז נישט וועניגער קלינגען, רופען און וועקען און מונטערען און פעסטיגען, זאָגאָר ווען די גראָבע טורמע־וואַנט וועט שטעהן צווישען אונז.

וואָס פאַר אַ נאַרישער פאַרזוך פון די בלינדע מאַמאָן־דיענער! וואָס פאַר אַ לעכערליכע פּראָבע צו שטעלען צווישען אונז אַ וואַנט, אַז מיר זאָלען דיר נישט קענען זעהען און הערען! אין זייער שרעקען־משוגעת פאַרגעסען זיי, אז די מאַרקאָני־ערפינדונג האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט דאָרט, וואו מאַרקאָני האָט איהר איבערגעלאָזט... אַז דער גייסט פון אונזער לעהרע דאַרף זיך נישט ציהען איבער דראָטען, נור ער קען טרעפען, וואו ער דאַרף אָהן דראָטען און אפילו אָהן אַ ראַדיאָ־סטאַנציע...

נישט די וואַנט פון מאַונדסוויל און נישט קיין דיקערע ווענט וועלען אונז צושיידען. מיר וועלען זיין מיט דיר אין דיין פינסטערער קאַמער און דו וועסט זיין מיט אונז, פיהרענדיג פאָראויס מיט דעם שטאָלקאַצען אין דער האַנט אין אַלע אונזערע פאָרשטעהענדע ביטערע קעמפע.

זיי וועלען אונז נישט צושיידען, זיי קענען אונז נישט צושיידען פון דיר, טייערסטער, ליעבסטער און גינציג־סטער יודזשין וו. דעבס.

---

...שעהנקייט איז ווי אַ בלום, וואָס הייבט אָן צו וועלקען אזוי גיך ווי עס האָט פאַנאַנדערגעעפענט די קנאָספען... — שעקספּער.

דעבס און מוני אין תפיסה פאַר זייער טרייהייט [illegible] אַרבייטער־קלאַס. נעמט דער אַרבייטער־קלאַס פאַרבלייבען טריי צו [illegible]

# אייזען און שטאָהל

פון עסעף

אייזען איז אָהן צווייפעל דער נויטיגסטער פון אלע מעטאַלען. עס וואָלט שווער געווען אויסצוקומען אָהן קופּער, ציין, צינק, אָדער בליי. מיר דאַרפען האָבען אלומינום, זילבער, גאָלד און פּלאַטינום. די אנדערע מעטאַלען, ווי ענטימאַניע, ביזמיט, מעגעניז, ניקעל און טאַנגסטאַן, זיינען זעהר נויטיג. אָבער אייזען איז דער וויכטיגסטער פון אלע.

אונזער גאַנצע ציוויליזאַציע איז אָפּהענגיג אָן דיעזען איינפאַכען מעטאַל. מיר נוצען אייזען צו בויען אונזערע באַהנען, שיפען, בריקען און מאַשינען פאַר'ן פעלד און פאַבריק. מיר נעהמען אריין א קליינעם פּראָצענט אייזען אין אונזער עסענווארג. די פּלאַנצען האָבען צו פאַרדאַנקען זייער גרינעם קאָליר צו דער קליינער צאָהל אייזען וואָס זיי ענטהאַלטען.

דער עלעמענט אייזען איז א שטאַרקער, בויגזאמער, שמיעדבאַרער, זילבער־ווייסער מעטאַל. די מעהרסטע מענשען דענקען אז אייזען איז טונקעל־גרוי אָדער שוואַרץ, ווייל זיי זעהען קיינמאָל ניט קיין געלייטערטע אייזען. די ריינסטע אייזען וואָס מען קען געוועהנליך באגעגענען איז פּיאַנאָ דראָט.

אין דער נאַטור איז אייזען זעהר פיעל פאַרשפּרייט. עס געפינט זיך אָבער ניט אלע מאָל געדיכט גענוג און אין דער פאָרמע, אז עס זאָל זיך עקאָנאָמיש לוינען דאָס אַרויסצוציהען פון דער ערד. אייזען, צוגלייך מיט אנדערע מעטאַלען, געפינט זיך געוועהנליך אין דער ערד כעמיש פאַרבונדען און מעכאַניש צוזאמענגעמישט מיט אנדערע עלעמענטען. א מעטאַל אין דיעזער רויהער פאָרמע ווערט אָנגערופען ערץ.

ריינע אייזען געפינט זיך ווייניג אין דער נאַטור צוליעב דעם וואָס עס פאַרבינדעט זיך מיט די זויער־שטאָף פון דער לופט. אין אַזעלכע ערטער וואו די לופט קומט ניט צו, ווי טיעף אין קויהלען־מינעס, געפינט מען יאָ צו ביסלעך פון דעם ריינעם מעטאַל. די ערד, דענקט מען, איז אין מיטען אָנגעפילט מיט ריינע אייזען און איז דערפאַר מאַגנעטיש. עס איז אויך אָנגענומען אז פיעל ריינע אייזען געפינט זיך אין דער זון און אַנדערע שטערען. די מעטעאָרען אָדער שטיינער, וועלכע ווערען אָפּגעריסען פון די שטערען און פאַלען אָפּט ארונטער אויף אונזער ערד, באַשטעהען פון אייזען מיט איניגע פּראָצענט ניקעל.

פון אלע אייזען ערצען איז דער רויטער אייזען־אקסיד דער וויכטיגסטער. עס האָט אין זיך ווייניג פסולת, ווערט לייכט אויסגעאַרבייט, און איז פיעל פאַרשפּרייט. די גרעסטע אייזען־פעלדער אין די פ. ש. זיינען, א דאַנק דיעזען ערץ, אין דעם געגענד פון דער אָזערע סופּיריאָר, פון וואַנען זעהר פיעל ווערט געשיקט נאָך פּיטסבורג עס אויסצואַרבייטען אין די פאַרשיעדענע סאָרטען אייזען און שטאָהל.

וואָס דאַרף מען טאָן אום אַרויסצוקריגען ריינע אייזען פון דעם רויהען ערץ, וועלכער איז אין דער אמת'ן ניט מעהר ווי אייזען־זשאַווער? עס קען זיין, אז איהר האָט זיך אליין אָנגעשטויסען אָן ענטפער. מען דאַרף די זויער־שטאָף פון די אייזען אָפּרייסען און די אייזען וועט בלייבען ריין.

אום דאָס צו טאָן, מוז מען דעם ערץ ערשטענס שטאַרק אָנהיצען און אַזוי אַרום לויז מאַכען די בענדער וועלכע פאַראייניגען די זויער־שטאָף אַטאָמען צו די אייזען אַטאָמען. צווייטענס, מוז מען מיט'ן ערץ צונויפמישען אַזאַ שטאָף, וואָס וועט זיך מיט די זויער־שטאָף פאַרבינדען און צוזאמען אָפּטיילען פון די אייזען. אַזאַ שטאָף איז דער עלעמענט קאַרבאָן. אייזען האָט א שטאַרקערע ליעבע פאַר קאַרבאָן איידער ווי פאַר זויער־שטאָף און פאַרבינדעט זיך, דעריבער, מיט דיעזע עלעמענט אַזוי שנעל ווי עס ווערט באַפרייט פון די אייזען אונטער די הויכע היץ. דער פערבאַנד פון די קאַרבאָן און זויער־שטאָף איז א גאַז און פאַרשווינדעט אין דער לופט אַזוי שנעל ווי עס ווערט געשאַפען, איבערלאָזענדיג די אייזען פריי.

דער אייזען־ערץ ענטהאַלט אויך ביסלעך זאַמד און אַנדערע ניט־געווינשטע מינעראַלען. דערפון ווערט מען פּטור מיט דער הילף פון א שמעלץ־שטאָף, ד. ה. א מאַטעריאַל וואָס שמעלצט זיך צוזאַמען מיט די פּסולת, אָבער ניט מיט דעם מעטאַל וואָס מען וויל אויסלייטערען.

דער פּראָצעס פון רייניגען די אייזען ווערט דורכגעפיהרט אין א קאָמפּליצירטען, ריעזיג־גרויסען אויוועו, וועלכער קאָסט אָפט נאָהענט פון א מיליאָן דאָלאַר. עס קוקט אויס ווי א טורעם און איז אַן ערך 120 פוס די הויך און 30 פוס די ברייט. דער אויוועז איז, צווישען אנדערעס, באַזאָרגט מיט א שטאַרקען אונטערשלאַק פון געברענטע ציגעל, מיט שטאָהלענע רעהרען, דורך וועלכע הייסע לופט ווערט אריינגעפּומפּט און אַרויסגעלאָזען, מיט אַן עפענונג פון אויבען, דורך וואַנען די רויהע מאַטעריאַל ווערט אריינגעשאָטען, און מיט אַן עפענונג פון אונטען, דורך וואַנען די צושמאָלצענע אייזען ווערט אָפּגעצויגען.

די אייזען, ווי עס קומט אַרויס פון אויוועו, ווערט באַוואוסט אַלס גוס־אייזען. עס איז די ביליגסטע סאָרט אייזען. עס איז ברעקעלדיג און ניט זעהר שטאַרק. מען מאַכט דערפון פונדאַמענטען פאַר מאַשינען, סלופּעס, אויוועגס א. ד. ג. אויך אַרבייט מען דערפון אויס די בעסערע סאָרטען מאַטעריאַל. גוס־אייזען ענטהאַלט פון צוויי ביז אַכט פּראָצענט קאַרבאָן, און צו ביסלעך שוועבעל, פאָספאָר, סיליקאָן און מענגעניז.

אז מען זאָל קענען די גוס־אייזען מאַכען אין שמיעד־אייזען אָדער שטאָהל איז נויטיג דערפון די אויבענדערמאָנטע עלעמענטען אויסצוברענען. דאָס ווערט געטאָן אין פאַרשיעדענע סאָרטען אויוועגס, פון וועלכע דער בעסערער אויוועו איז דער וויכטיגסטער. דיעזער אויוועו, וועלכער איז ערפונדען געוואָרען פון הענרי בעסעמער אין 1855, האָט בכח אויסצוברענען די קאַרבאָן פון 20,000 פונט גוס־אייזען אלע 15 מינוטען. דער פּראָדוקט פון דעם בעסעמער פּראָצעס איז ניט קיין פאָלקאָם ריינער, עס קאָסט אָבער דערפאַר ביליג. מען נוצט דאָס אם מעהרסטען צו מאַכען דראָט, רעהרען און רעלסען.

אויסצואַרבייטען דעם בעסטען סאָרט אייזען אָדער שטאָהל פאָדערט זיך פיעל האַנד־אַרבייט. די גוס־אייזען מיט די פּסולת אין דעם ווערט צושמאָלצען אין א גרויסען ברייטען אויוועו, און די צושמאָלצענע מאַסע ווערט אַזוי לאַנג געמישט און איבערגעאַרבייט מיט לאַנגע שטעקענס, ביז די קאַרבאָן ווערט אויסגעברענט. וואָס די אייזען ווערט ריינער, ווערט דאָס אַלץ קלעפּעדיגער און שטומפּער. ווען עס ווערט גוט שטייף, נעהמט מען עס אַרויס פון אויוועו אין גרויסע שטיקער און מען האַמערט דאָס ביז דער אָפּפאַל ברעקעלט זיך אָפּ און מען באַקומט דעם בעסטען סאָרט שמיעד־אייזען.

פון דיעזע אייזען פאַבריצירט מען די טייערסטע שטאָהל. צו מאַכען שטאָהל, דאַרף מען אין די אייזען אריינטאָן פון א האַלב ביז איינס און א האַלב פּראָצענט קאַרבאָן, לויט נאָך דער האַרטקייט פון די שטאָהל. די בעסטע מעטאָדע איז אויפצומישען אין א גראַפּיטענעם טאָפּ די אייזען מיט די פאַרלאַנגטע וואָג קאַרבאָן אין דער פאָרמע פון צושטויסענע האָלץ־קויל. דער טאָפּ ווערט פאַרמאַכט, אז קיין לופט זאָל ניט צוקומען און עס ווערט געהיצט אין אַן אויוועו ביז די קאַרבאָן און אייזען גיסען זיך צוזאמען אין א גלייכאַרטיגער מאַסע, וועלכע, ווען פּלוצלינג אָפּגעקיהלט אין וואַסער אָדער אויל, פאַרוואַנדעלט זיך אין איינעם פון די שטאַרקסטע און האַרטסטע שטאָהלען וואָס מיר פאַרמאָגען. דיעזער שטאָהל ווערט אָנגערופען קרוסיבל שטאָהל. עס קאָסט זעהר טייער. מען נוצט דאָס אין בויען שיפען, שטאַרקע מאַשינען און געצייג.

עס זיינען פאַראַן ספּעציעלע סאָרטען שטאָהלען, וועלכע ענטהאַלטען פון איינס ביז צוואַנציג פּראָצענט טאַנגסטאָן, אָדער אַרום דריי פּראָצענט ניקעל, אָדער צו ביסלעך פון די עלעמענטען קראָמיום, מענגעניז, וועניידיום אָדער מאָליבדענום. ניקעל פאַרשטאַרקט דעם שטאָהל און פאַרקלענערט דעם זשאַווערען.

# נייע ווינטען

פון א. ע. ברוידעס

די פיער גרויסע יוניאָנס פון די אייזענבאהן־אַנגעשטעלטע אין אַמעריקא („דהי ביג פאָור") האָבען זיך שטענדיג געהאַלטען פון דער ווייטענס פון דער אַמעריקאַן פעדערײשאַן אָוו לייבאָר. דאָס האָבען זיי געטהון ניט חלילה דערפאַר, וואָס די פעדערײשאַן איז געוועזען פאַר זיי צו רעאַקציאָנער, נאָר גראַדע פאַרקעהרט. גאָמפּערס און זיינע מיטהעלפער זיינען קיינמאָל ניט געוועזען קיין אנהענגער פון וועלכע עס איז ראַדיקאַלע אידעען. פאַר זיי איז דער געדאַנק פון אַן אינטערנאַציאָנאַלער אַרבייטער־באַוועגונג, וועלכע האָט איהרע אייגענע אַלגעמיינע אינטערעסען און ענדציעלען, שטענדיג געוועזען טריפה. דעם סאָציאַליזם האָבען זיי באַקעמפּט מיט ניט וועניגער ביטערקייט פון דער קאַטוילישער קירכע אָדער די סעקיוריטי ליעג. פאַר גאָמפּערס'ן און זיינע חברים זיינען די אַרבייטער ניט קיין קלאַס מענשען, וועמענס אינטערעסען זיינען דער היפוך פון די אינטערעסען פון די קאַפּיטאַליסטען, נאָר אַ צד אין די קאַפּיטאַליסטישע ביזנעס. ווי אַ צד האָבען זיי באַטראַכט יעדע באַוועגונג, וועלכע האָט נור געהאַט אַ סימן פון ראַדיקאַליזם, אַלס אַ געפאַהר פאַר דער גאַנצער קאַפּיטאַליסטישער משפחה. די פּרינציפּען פון „פרייער" קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע זיינען פון קיינעם ניט פאַרטיידיגט געוואָרען מיט מעהר היץ ווי פון די פיהרער פון דער א. פ. א. ל., דאָך האָבען די „ביג פאָור" ניט געוואָלט האָבען מיט זיי קיין מגע ומשא. די אַמעריקאַנער אייזענבאַהן־אַנגעשטעלטע האָבען זיך באַטראַכט אַלס אַ ווי כ טי ג ע ר ע ן צד פון די געוועהנליכע אַרבייטער — פון די מיינערס, פון די קאַרפּענטערס, פון די פּיינטערס, פון די פּלאָמבערס, בפרט נאָך פון די שניידער און די פּרעסער. יעדער זכר פון קלאַסען־אינטערעסען איז טאַקע געווען טריף פאַר גאָמפּערס'ן, אָבער דאָך, ווילענדיג־ניט־ווילענדיג, האָט די פעדערײשאַן געמוזט ריידען וועגען אַלגעמיינע אינטערעסען פון די אַמעריקאַנער אַרבייטער, לכל הפחות פון די, וועלכע זיינען אָרגאַניזירט אין דער פעדערײשאַן. ד אָ ס גופא איז שוין געווען צופיעל פאַר די פיהרער פון די אַריסטאָקראַטען פון די „ביג פאָור". אויף אַן אמת, וואָס פאַר אַ מחותנים זיינען זיי מיט די פאַראַכטעטע קויהלען־גרעבער, שיפען־בויער און קליידער־מאַכער?

די א. פ. א. ל. איז שטענדיג געווען גענען רעגיערונגס־אייגענטום אויף וועלכע עס איז אינדוסטריען, אָבער זי פלעגט יאָ אַמאָל זיך אַרויסריידען, אַז ווען די רעגיערונג זאָל קאָנטראָלירען געוויסע משא־ומתנ'ס פון די אַרבייטס־געבער, וואָלט עס ניט געווען קיין חסרון. די „ביג פאָור" אָבער פלעגט שטענדיג זיין אש־להבה גענען יעדער אריינמישונג פון דער רעגיערונג אין די עסקים פון ז יי ע ר ע בעלי־בתים, אפילו ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט פון זייער אייגענער טובה וועגען. „ווי וויל טייק קער אָוו אורסעלוועס" — פלעגען זיי שטיל טענה'ן. זיי נויטיגען זיך ניט אין קיינעמס הילף אָדער שוץ. זיי זיינען אַ מאַכט פאַר זיך און זיי קענען באַשטעהן זייער שטעדטעל.

אָבער פאַר די לעצטע פאָר יאָהר איז עפּעס ווי אַ נס געשעהן. איך האָב מורא צו זאָגען, אַז עס איז פאָרגעקומען אַ רעוואָלוציע. מיר האָבען די לעצטע צייט געהערט פון אַזוי פיעל רעוואָלוציעס, אַז עס ווערט אַ חשד, אויב זיי זיינען אַלע טאַקע דאָס וואָס אַ רעוואָלוציע ד אַ ר ף זיין. אַלענפאַלס עס א י ז פאָרגעקומען אַ וויכטיגע ענדערונג אין דעם פאַרהאַלטען זיך צו סאָציאַלע פראַגען ניט נור פון די פיהרער פון דער א. פ. א. ל., נאָר אויך פון די „ביג פאָור".

די אַמעריקאַנער אייזענבאַהן־אַנגעשטעלטע, ווי די א. פ. א. ל., זיינען נאָך גאַנץ ווייט פון דעם סאָציאַליסטישען שטאַנדפּונקט אויף אַרבייטער־פראַגען, אָבער אַ געוויסע התקרבות צו דער אַרבייטער־באַוועגונג האָט זיך ביי זיי באַמערקט נאָך מיט אַ פאַר יאָהר צוריק. עס האָט זיך געוויזען אַ האָפנונג, אַז זייערע מוחות פאַנגען זיך אָן אויסצולייטערען און זיי הייבען שוין אָן צו באַגרייפען, אַז נאָך אַלעמען איז צווישען זייער לאַגע אַלס לוין־אַרבייטער און דער לאַגע פון די אַנדערע אַרבייטער אין לאַנד דאָ אַ שטאַרקע שייכות. אָבער קיינער האָט ניט ערוואַרטעט, אַז זיי זאָלען אַזוי שנעל מאַכען אַזאַ ראַדיקאַלען שריט, ווי זיי האָבען עס געטהון ניט לאַנג צוריק אין דער פראַגע וועגען רעגיערונגס־אייגענטום אויף די אייזענבאַהנען.

די פיהרער פון „ביג פאָור" האָבען ניט נור אויפגעהערט צו קעמפען גענען רעגיערונגס־אייגענטום אויף די אייזענבאַהנען, זיי האָבען געמאַכט אַ פיעל ווייטערען שריט: ז יי ז יי נ ע ן א ר ו י ס מ י ט א פ אָ ר ש ל אַ ג, אַ ז ד י א י י ז ע נ ב אַ ה נ ע ן פ ו ן אַ מ ע ר י ק א ז אָ ל ע ן א י ב ע ר ג ע ג ע ב ע ן ו ו ע ר ע ן נ י ט צ ו ד ע ר ר ע ג י ע ר ו נ ג, נ אָ ר צ ו ד י א י י ז ע נ ב אַ ה ן־אַ ר ב י י ט ע ר, וו ע ל כ ע ז אָ ל ע ן ו ו ע ר ע ן ז יי ע ר ע א י י ג ע נ ט י מ ע ר א ו ן פ אַ ר ו ו אַ ל ט ע ר ב ש ו ת פ ו ת מ י ט ד ע ר ר ע ג י ע ר ו נ ג.

דאָס מיינט אייגענטליך, אַז זיי האָבען אַריבערגעשפּאַנט איבער דער געוועהנליכער סאָציאַליסטישער פאָדערונג פון רעגיערונגס־אייגענטום און גלייך אַריינגעפאָהרען אין דער פּראָגראַם פון די סינדיקאַליסטען, אָדער ווי זיי הייסען דאָ אין אַמעריקא — די „איי דאָבעליו דאָבעליו".

ווען מען דערמאָנט זיך, אַז ערשט צוריק מיט צוויי יאָהר זיינען די אייזענבאַהן־אַנגעשטעלטע געווען אפילו גענען וועלכען עס איז רעגיערונגס־קאָנטראָל, ווערט קלאָר וואָס פאַר אַ טיעפע ענדערונגען עס זיינען פאָרגעקומען אין אונזער לעבען און אין די מוחות פון דעם אַרבייטער־קלאַס פאַר דער לעצטער צייט.

עס קומט אויפ'ן געדאַנק, אַז עס איז מעגליך, אַז די אַמעריקאַנער אַרבייטער זאָלען אַרויסשטעלען אַלע באָלשעוויסטישע פאָדערונגען און אין דער זעלבער צייט ניט אויפהערען צו פאַרדאַמען די באָלשעוויקעס און דעם באָלשעוויזם. דאָס קומט שוין יעצט אייגענטליך פאָר מיט די אייזענבאַהן־אַרבייטער. זיי זיינען געווען און זיי זיינען לעת־עתה געבליבען גענגער פון דעם סאָציאַליזם, אָבער זיי האָבען זיך באַטראַכט, אַז עס וואָלט ניט געווען קיין עולה, אַז די אַרבייטער, וועלכע בויען און פיהרען די אייזענבאַהנען, זאָלען באַקומען דעם פולען ווערטה פון זייער אַרבייט און ניט האָבען אויף זיך קיינע בעלי־בתים. זיי האָבען זיך פּלוצלינג באַטראַכט, אַז זיי נויטיגען זיך אין ק יי נ ע מ ס קאָנטראָל, ניט אין דעם קאָנטראָל פון וואָלל סטריט און אויך ניט אפילו אין דעם קאָנטראָל פון דער רעגיערונג.

זינט די רעגיערונג האָט איבערגענומען די אייזענבאַהנען האָט דער אַמעריקאַנער עולם ענטדעקט, אַז ניט אַלע סאָציאַליסטישע חלומות זיינען טאַקע משוגעת'ען. אפילו די שטאַרקסטע גענגער פון רעגיערונגס־אייגענטום אויף אינדוסטריען האָבען אויסגעפונען, אַז פרייע קאָנקורענץ איז אָפט זעהר און זעהר שעדליך. פאַרקעהר־מיטלען זיינען כמעט די וויכטיגסטע זאַך אין יעדען לאַנד און קיין לאַנד קען זיך ניט באַריהמען, אַז זי האָט גענוג אייזענבאַהנען, אפילו אַמעריקא, וועלכע איז אין דעם פּרט די רייכסטע. די היגע באַפעלקערונג האָט שטענדיג פיעל געליטען דורך דעם וואָס די אייזענבאַהנען זיינען אין די הענט פון פּריוואַטע בעלי־בתים, וועלכע פלעגען קאָנקורירען צווישען זיך. מען קען ברענגען טויזענדער ביישפּיעלען ווי אַזוי דער קאָנטראָל פון דער רעגיערונג איבער די אייזענבאַהנען פאַר די לעצטע פאָר יאָהר האָט געבראַכט נוצען דער באַפעלקערונג. אויסער דעם, וואָס עס איז איינגעשפּאָרט געוואָרען אַ סך ניוועץ, וואָס איז געווען אַ רעזולטאַט פון קאָנקורענץ, וועל איך אָנווייזען אויף דעם איינציגען ביישפּיעל. פון ניו יאָרק קיין שיקאַגאָ לויפען עטליכע באַהנען, וועלכע באַלאַנגען צו פאַרשיעדענע

קאמפאניעס. איידער די רעגיערונג האט איבערגענומען די אייזענבאהנען פלעגט יעדע באהן האבען איהרע אייגענע באזונדערע טיקעטס. ווען איינער האט גענומען א בילעט פון שיקאגא קיין ניו יארק, אדער פארקעהרט, אויף א געוויסער באהן, און ער האט זיין צוג פארשפעטיגט, פלעגט ער מוזען ווארטען ביז דעם צווייטען צוג פון דער זעלבער אייזענבאהן. ער האט געמעגט זיין אין דער גרעסטער איילעניש, האט ער געמוזט ווארטען, סיידען ער האט געוואלט און איז געווען ביכולת צו באצאהלען באלד מזומן פאר נאך א בילעט צו אנאנדער אייזענבאהן, וועלכע איז אפגעפאהרען פריהער. זינט די רעגיערונג האט איבערגענומען די אייזענבאהנען איז יעדער טיקעט גוט אויף יעדער באהן, אהן אונטערשיעד צו וועלכער קאמפאניע זי באלאנגט.

דאס איז זעהר א גרויסע באקוועמליכקייט, און אפילו די געגנער פון רעגיערונגס־אייגענטום ווילען זעהר שטארק, אז זיי זאלען זי ניט פארלירען מיט דעם איבערגעהן פון די באהנען צוריק אין פריוואטע הענט. די אמעריקאנער קאפיטאליסטען וועלען זיך ניט אפלאזען פון די נוצען וואס די רעגיערונגס־אייגענטום אויף די באהנען האט געבראכט, זיי ווילען אבער אויך ניט, אז די אייזענבאהנען זאלען בלייבען ביי דער רעגיערונג. דאס איז ס א צ י א ל י ז ם און זיי האבען פראסט מורא פאר יעדער זאך וואס שמעקט מיט דער סאציאליסטישער געפאהר. זיי זיינען גרייט אפילו מקריב צו זיין א טייל פון זייערע אייגענע אינטערעסען אבי פארהיטען די קאפיטאליסטישע ארדנונג פון א חשד, אז עס קען זיין עטוואס בעסערס פון איהר.

שוין פיעלע מאנאטען אז די בעלי־בתים פון אמעריקא ברעכען זיך די קעפ אויף דער הארבער שאלה ווי אנצוזעטיגען דעם וואלף און אין דער זעלבער צייט צו ראטעווען די ציעגעלע פון פריוואט־אייגענטום. און אט זיינען געקומען די פיהרער פון די יוניאנס פון די אייזענבאהן־אנגעשטעלטע און פארגעשלאגען זייער עצה. זיי ווילען אויך ראטעווען די הייליגע פרינציפען פון פריוואט־אייגענטום. זאלען די אייזענבאהנען באלאנגען צו אייזענבאהן־ארבייטער וועט אפגעשאפט ווערען די קאנקורענץ צווישען די פארשיעדענע באהנען און אין דער זעלבער צייט וועט אויך אויסגעמידען ווערען די סאציאליסטישע געפאהר, וואס קומט פון רעגיערונגס־אייגענטום.

ווען ניט די טראגישע אונבאוואוסטזיניגקייט פון דער מיטגליעדערשאפט פון די „ביג פאור" וואלט מען זיך געקענט לוסטיג מאכען איבער דער קאמישער פילאזאפיע פון זייער פארשלאג. די פארביסענע שונאים פון א. וו. וו. מאכען א סינדיקאליסטישען פארשלאג, כדי צו ראטעווען אמעריקא פון סינדיקאליזם און דעם סאציאליזם.

אבער דאס ווייזט קלאר ווי ריכטיג עס איז די סאציאליסטישע לעהרע, אז דער ארבייטער־קלאס מוז קומען אם ענדע צום סאציאליזם, צי באוואוסטזיניג, צי ניט באוואוסטזיניג.

עס זיינען דא זעהר קליינע אויסזיכטען, אז די אמעריקאנער קאפיטאליסטען און די אמעריקאנער רעגיערונג וועלען אננעמען דעם פארשלאג פון די „ביג פאור". יענע זיינען שוין גראדע זעהר און זעהר קלאסענבאוואוסטזיניג און זיי ווייסען ווי ריכטיג צו פארשטעהן אזא מין פארשלאג. די ארבייטער פון דער אמעריקאן פעדערריישאן אוו לייבאר האבען זיך נאך צו אזעלכע געפעהרליכע געדאנקען ווי ארבייטער־אייגענטום אויף אינדוסטריען ניט דערטראכט. אויף דעם פארשלאג פון די אייזענבאהן־ארבייטער קוקען זיי ווי אויף א פריוואטע זאך, וואס געהערט זיך מיט זיי, אלס קלאס, ניט אן. דערפאר געפינען זיי ניט פאר נויטיג צו שטיצען איהם, און אהן דער שטיצע פון דער גאנצער ארבייטער־באוועגונג אין לאנד האט וועלכער עס איז ראדיקאלער געדאנק דערווייל זעהר וועניג שאנסען אין אמעריקא דורכגעפיהרט צו ווערען.

אין ענגלאנד געהט יעצט אויך אן א שטארקע באוועגונג, אז מען זאל צונעמען די דארטיגע אייזענבאהנען פון די הענט פון זייערע פריוואטע אייגענטימער. און עס זעהט אויס, אז דארטען וועלען די קאפיטאליסטען און די רעגיערונג די דאזיגע פאדערונג פון די ארבייטער מוזען נאכגעבען. דאס איז דערפאר וואס, ערשטענס, זיינען די ענגלישע אייזענבאהן־ארבייטער באוואוסטזיניגע קעמפער פאר דער סאציאליסטישער ענדערונג. זיי זוכען ניט צו ראטעווען דעם קאפיטאליזם, נאר צו באגראבען איהם, און וואס באוואוסטזיניגער א קאמף ווערט אנגעפיהרט, אלץ מעהר שאנסען האט ער פאר ערפאלג. צווייטענס, שטעהען די ענגלישע אייזענבאהן־ארבייטער ניט אליין. מיט זיי זיינען די ארבייטער פון כמעט אלע אנדערע אינדוסטריען אין לאנד. די מעכטיגע מיינערס יוניאן פון ענגלאנד, די יוניאן פון עלעקטרישע ארבייטער און אנדערע פאדערען אויך, אז די רעגיערונג זאל נאציאנאליזירען די אינדוסטריען, אין וועלכע זיי זיינען באשעפטיגט. זיי פאדערען עס באוואוסטזיניג אלס אן אפענער שריט צום סאציאליזם, און דאס אליין גיט צו מאכט זייער באוועגונג.

די ארבייטער־באוועגונג איבער דער גאנצער וועלט מאכט יעצט שנעלע טריט פאראוים. מען קען מיט צוטרוי ערווארטען, אז עס וועט ניט נעמען קיין סך צייט ביז די ארבייטער פון אמעריקא וועלען אויך ווערען באוואוסטזיניג וועגען זייערע קלאסען־אינטערעסען און מאכען זייערע פאדערונגען אין דעם נאמען פון דעם סאציאליזם. דאמאלס וועלען זיי זיכער האבען ערפאלג. זייער צאהל איז גענוג גרויס דערפאר.

קאנאדא איז א נעהנטערע שכנה צו אמעריקא איידער צו ענגלאנד. די ארבייטער־באוועגונג פון קאנאדא איז שטענדיג געווען אונטער דעם איינפלוס פון דער אפיציעלער ארבייטער־באוועגונג דא אין לאנד. די קאנאדער יוניאנס זיינען געווען פארבונדען מיט דער א. פ. א. ל., האבען געשטיצט איהר פראגראם און איהר טאקטיק. אבער די לעצטע צייט האט די ארבייטער־באוועגונג אין אייראפא געהאט א געוואלדיגען איינפלוס אויף די ארבייטער אויף דעם אמעריקאנעם קאנטינענט. די שיפען, וועלכע ברענגען אהערצו צוריק די זיעגרייכע אמעריקאנער ארמעע ברענגען אויך מיט זיך די נייע געדאנקען, מיט וועלכע אונזערע ארבייטער האבען זיך אנגעשמעקט אין אייראפא. מיט דער צייט וועלען די דאזיגע געדאנקען ברענגען רעזולטאטען אומעטום. דערווייל זעהען מיר שוין אלס א גוטען אנפאנג, אז די ארגאניזירטע ארבייטערשאפט פון קאנאדא האט זיך אפגעריסען פון דער אמעריקאן פעדערריישאן אוו לייבאר און ארגאניזירען זיך אין איין גרויסער אינדוסטריעלער יוניאן אויף סאציאליסטישע יסודות. די קאנאדער ארבייטער האבען אפען אינדארסירט די סאוויעטען־פארמע פון רעגיערונג. עס איז א ספק אויב די אמעריקאנער ארבייטער וועלען אין גיכען נעמען אזא ראדיקאלע שטעלונג, אבער אז די היגע ארבייטער־באוועגונג ווערט מעהר באוואוסטזיניג פון טאג צו טאג און אז די דאזיגע באוואוסטזיניגקייט וואקסט זעהר שנעל — אין דעם איז ניטא קיין שום צווייפעל. די סאציאליסטישע פאדערונגען וועלען זיכער אין גיכען ווערען די ב א וו א ו ס ט ז י נ י ג ע פאדערונגען פון דער ג א נ צ ע ר אמעריקאנער ארבייטערשאפט.

---

אז דעבס דארף זיצען אין טורמע איז א שאנדע צו זיין אויף דער פריי...

* * *

א קאלטער רעגען וועט קיינמאל קיין בלומען נישט מאכען וואקסען. א קאלטע באציהונג צו די בלוטיגע אינטערעסען פון ארבייטער־קלאס אין דער יעצטיגער צייט איז אזוי פארברעכעריש ווי א „שנעע" אין מאי...

* * *

פאר די פארהונגערטע און פארחלש'טע אידען אין מזרח־אייראפא — אונזער ב י ס ע ן פון מויל און אפילו — דעם לעצטען!...

עס איז נאר דא איין סארט ס א צ י א ל י ז ם. עס זיינען אבער פאראן תרפ"ט אלפים סובסטיטוטס און סוראגאטען...

* * *

די פריזאנס קענען מעהר דערצעהלען ווי די פארלאמענטען וועגען די דעמאקראטיע פון א פאלק.

* * *

נאך איין חודש פון שווערע, אנגעשטרענגטער און אימפעטיגער ארבייט פאר די פינף און זיבעציג טויזענד מעמבערס. דערנאך — — דערנאך וועלען מיר ו ו י ט ע ר ארבייטען...

# דער היינטיגער טעאַטער סעזאָן

פון זישא לאַנדוי

עפּעס קומט פאַר, עפּעס געשעהט אין אונזער טעאַטער דעם היינטיגען סעזאָן, וואָס האַלט איצט ביים ענדיגען זיך; האָט ניט געמאַכט קיין רעוואָלוציאָן, ווי אַנדערע דענקען, נאָר ער איז געווען דער פינאַל פון אַ קאַמף, וואָס איז אָנגעגאַנגען פאַר יאָהרען און האָט זיך געמוזט פריהער אָדער שפּעטער ענדיגען מיט אַ זיעג.

אַ קאַמף פון יונג געגען אַלט, אינ'ם פּשוט'ען פיזישען זין, אַ קאַמף פון יונגען בלוט געגען טראַדיציע — דער אייביגער אומ'רחמנות'דיגער קאַמף פאַר עקזיסטענץ.

די יוגענד האָט געפאָדערט אנערקענונג, געפאָדערט איהר אָרט אונטער דער זון, די עלטערע אַקטיאָרען האָבען ניט געוואָלט אַרויסלאָזען די רוהם פון זייערע הענד, געטון אַלעס מעגליכעס צו בלייבען ביי דעם, וואָס האָט שוין ניט באַלאַנגט צו זיי.

אָבער געגען דעם לעבען קען מען לאַנג ניט קעמפען: איצט זיינען זיי שוין אַזוי גוט ווי אָפּגעווישט.

אַם מיינסטען אין דער שטיל, אָבער זעהר אָפט אין דער עפענטליכקייט פלעגט פון צייט צו צייט אַרויסטרעטען אַ יונגער אַקטיאָר מיט אַן אויפפאָדערונג, אַז מען זאָל איהם צולאָזען צו אַ פאַראַנטוואָרטליכער ראָל. די אַזוי־גערופענע „סטאַרס", וואָס זיינען געוועהנליך געווען אויך די באַלעבאַטים פון די טעאַטערס, האָבען עס אין זייער בלינדקייט ניט ערלויבט. זיי האָבען געדאַרפט פאַרשטעהן, אַז אַ יונגער אַקטיאָר קען קיינמאָל ניט אויסנעמען אין פּיעסען, אין וועלכע אַן עלטערער אַקטיאָר האָט שטאַרק אויסגענומען. עס איז טאַקע אַזוי געווען; ווען עס איז שוין יאָ אַמאָל געלונגען אַ יונגערען אַקטיאָר צו קריגען אַן ערלויבניש צו שפּיעלען אַ פאַראַנטוואָרטליכע ראָל, איז ער מיאוס דורכגעפאַלען און ער האָט אייגענטליך ניט פאַרשטאַנען פאַר וואָס. ער האָט געפיהלט, אַז ער איז ניט ערגער פון דעם, וואָס האָט זיך פריהער אין דער ראָלע אויסגעצייכענט, און זעהענדיג זיין דורכפאַל, פלעגט ער אויסלאָזען זיין ביטער הארץ צום פּובליקום, צו די קריטיקער און באַשולדיגען זיי אין אַלעם בייזען, אין אונעהרליכקייט און ווער ווייס צי איז אין זיין הארץ ניט אַריינגעפאַלען קיין חשד, אַז זיי זיינען אונטערגעקויפט פון די „סטאַרס".

איהם איז גאָר ניט איינגעפאַלען, אַז אויב ער וויל זיך אַרויסווייזען דאַרף ער עס זוכען אַן אייגענעם וועג און ניט נאָכמאַכען די עלטערע פאַר איהם.

אָבער דאָס, וואָס זיי האָבען ניט פאַרשטאַנען, האָט די צייט מיטגעבראַכט מיט זיך.

וואָס איז געשעהן היינטיגען סעזאָן? מיט וואָס איז דער היינטיגער סעזאָן וויכטיגער ווי די פריהערדיגע? דאָס וואָס מען האָט מיט ערפאָלג דורכגעפיהרט איניגע בעסערע פּיעסען איז גאָר קיין באַווייז ניט און זאָגט, אין תוך, גאָרנישט. פון צייט צו צייט פלעגט מען אויף אונזער ביהנע שטעלען פּיעסען פון אַ העכערען כאַראַקטער. מען האָט געשפּיעלט אש'ן, פינסקי'ן, האַופּטמאַנ'ען, טאָלסטאָ'ין און אפילו פּרץ'ן, איניגע פון זיי האָבען געהאַט, מעהר אָדער וועניגער, ערפאָלג, אַנדערע ניט. ערפאָלג איז אָבער אויך ניט עפּעס זיכערעס, פון וואָס מען זאָל קענען ציהען שלוסען; ערפאָלג איז אָפט אָפּהענגיג פון אומשטענדען. אַ פּיעסע, וואָס פאַלט דורך אין איין צייט, קען האָבען מיט אַ געוויסער צייט שפּעטער אַ גרויסען ערפאָלג, ווי דאָס האָט זיך אָפט ביי אונז געטראָפען. די בעסטע פּיעסען פון יעקב גאָרדין, למשל, זיינען ביי זייער ערשטער אויפפיהרונג מיאוס דורכגעפאַלען און ערשט שפּעטער, נאָך יאָהרען, זיינען זיי אויפגעפיהרט געוואָרען מיט די גרעסטע ערפאָלגען. געוויסע אומשטענדען ברענגען דערצו. די, וואָס אינטערעסירען זיך מיט **אונזער טעאַטער זיינען איינשטימיג, אַז ווען עס געהט אַן אַ** גרויסע אימיגראַציע פאַלט די בעסערע דראַמאַ. זיי שרייבען עס צו צו דעם, וואָס די נייע טעאַטער־באַזוכער קומען פון לענדער, וואו דאָס טעאַטער שטעהט אויף גאָר אַ נידעריגער שטופע פון ענטוויקלונג און זיי צווינגען אַרויף זייער געשמאַק. דאָס איז ריכטיג. אָבער וואָס זאָגט דאָס? — גאָרנישט, מיט גאָרנישט. ווי ערפאָלגרייך אַ שונד־ראָמאַן אין אַ צייטונג זאָל ניט זיין, וועט קיינעם ניט איינפאַלען צו זאָגען, אַז אונזער ליטעראַטור פאַלט, בלויז דערפאַר, וואָס די ליטעראַרישע ווערק האָבען ניט אַזאַ אָפּגאַנג. פאַר וואָס ווערט אָבער דער אַבסורד אָנגעווענדעט צום אידישען טעאַטער?

שווער אייגענטליך צו געבען אַ באַשטימטען ענטפער. איך גלויב, אַז עס נעמט זיך דערפון, וואָס פאַר אַ יונגען אַקטיאָר אפילו אַ באַגאַבטען איז שווערער זיך אַרויסצואַווייזען, ווי פאַר אַ יונגען שריפטשטעלער. ווען אַ יונגערער שריפטשטעלער וויל זיך אַרויסווייזען און עס לאָזען איהם ניט די, וואָס האָבען די מאַכט דערצו, קען ער זיך לייכט באַגעהן אָהן זיי. עס איז אַם העכסטען די פראַגע פון אַ קליינער סומע געלד. ער־קען אַליין אַרויסגעבען זיינע ווערק און אויב ער האָט טאַקע עפּעס צו זאָגען, וועט ער פריהער אָדער שפּעטער אַנערקענט ווערען. מיט אַ שוישפּיעלער איז עס אָבער פאַרבונדען מיט אויסערגעוועהנליך גרויסע אויסגאַבען און בלויז געצעהלטע קענען עס דערווייזען. אַזוי איז געווען דער פאַל מיט דער פאַרשטאָרבענער מאַדאַם קעני ליפּצין, וואָס האָט זיך דורכגעבראָכען דעם וועג געגען די אוּזערליכע שטערונגען. ניט יעדער אָבער, ווי געזאָגט, קען אַליין צוזאַמענשטעלען אַ טרופּע און מוז דערפאַר אָנקומען צו די טעאַטער דירעקטאָרען, און אַזוי ווי די טעאַטער דירעקטאָרען זיינען ביי אונז כמעט שטענדיג געווען די „סטאַרס", איז פאַרשטענדליך, אַז מען האָט געלייגט שטיינער אין וועג פאַר די אויפקומענדע שוישפּיעלער.

אַ פּובליקום איז שטענדיג געווען פאַר בעסערע דראַמען. אַמאָל זיינען צו די בעסערע דראַמען צוגערעכענט געווען די פון גאָרדינ'ען. עס האָבען אָבער געפעהלט אַקטיאָרען פאַר אַזעלכע דראַמען. קיינער וויל ניט אָוועקגעהן פון דעם אויסגעטראָטענעם וועג. מיט דער אויסנאַהמע אפשר פון דער מאַדאַם ליפּצין, האָבען אונזערע עלטערע אַקטיאָרען, וואָס זיינען אויפגעצויגען געוואָרען אויף הורוויטץ'ן און לאַטיינער, ערשט דעמאָלט זיך גענומען שפּיעלען יעקב גאָרדינ'ס און זיינע נאָכפאָלגערס דראַמען, ווען זיי זיינען געווען אַ זיכערער ערפאָלג און ביי דער ערשטער געלעגענהייט אַריבערגעגאַנגען צוריק צו ראַקאָוו־זאָלאָטאַרעווסקי, וואו זיי האָבען זיך געפיהלט היימישער.

דער אַזוי פיעל באַקלאָגטער קריזיס פון אידישען טעאַטער פון פאַר די לעצטע 8—10 יאָהר, ווען פון דער „גאָלדענער" גאָרדין פעריאָדע איז ניט געבליבען קיין זכר, איז געקומען ניט דערפאַר, וואָס ס'האָט פלוצים אויסגעפעהלט באַזוכער פאַר אַזוינע דראַמען, נאָר דערפאַר, וואָס ביידע צדדים האָבען מיט אַמאָל דערפיהלט, אַז זיי טאַנצען אויף אַ פרעמדער חתונה. דער באַזוכער האָט דערפיהלט, אַז באָריס טאָמאַשעווסקי, למשל, איז פּאָרט אַם מיינסטען אין דער היים, דאָרט, וואו ער דאַרף אויסנעמען מיט זיינע „פּאָלקעס". אַזוי מיט די איבריגע. און די אַקטיאָרען האָבען זיך פּאָרט מעהר היימיש געפיהלט אין די היסטאָרישע — פינטעל־אידיגע און ממזר'ישע פּיעסען.

אַז דאָס איז אמת, און מען דאַרף ניט נעמען זעהר ערענסט די אַלע קלאָג־ליעדער פון די סטאַרס, אַז זיי טוט וועה דאָס הארץ וואָס זיי מוזען נעבעך, שפּיעלען אין ביליגערע פּיעסען קען דיענען דער פאַקט, וואָס די זעלבע אַקטיאָרען האָבען געשיינט אין יעדער פעריאָדע אין אידישען טעאַטער. עס איז אַ געזעץ, אַז ווען עס פאַלט אַ באַוועגונג, אַ ריכטונג, אַ שולע שלעפּט זי מיט זיך מיט איהרע פאַרשטעהער. אונזער טעאַטער

איז אָבער געווען אַן אויסנאַהם. קיינער פון די הויפּט פאַרשטעהער פון אַ געוויסער ריכטונג איז ניט געפאַלען — מיט קליינע אויסנאַהמען — ווען די ריכטונג, וואָס ער האָט פאַרטראַטען, איז געפאַלען. זיי האָבען זיך גלייך איבערגעקוליעט און געשטעלט אין דער שפּיעל פון דער נייער ריכטונג, אויב עס האָט זיך פינאַנציעל געלוינט.

מען האָט שוין פון לאַנג אָנגעהויבען פיהלען, אַז די אַלטע אַקטיאָרען זיינען אויסגעשפּיעלט, אַז מען קען פון זיי מעהר גאָר ניט ערוואַרטען. אָבער וואָס האָט מען געקענט טון? — עס איז ניט געווען קיין אַנדערע, אויף וועלכע עס איז ווערט געווען אָנצואווייזען.

דער סעזאָן האָט די לאַגע אין גאַנצען געענדערט. עס האָט זיך געעפענט אַ נייע טעאַטער מיט אינגערע שוישפּיעלער — דאָס אוירווינג פּלייס טעאַטער. דער טעאַטער האָט אין אָנפאַנג געקלערט געהן אויפ'ן זעלבען וועג ווי די אַנדערע טעאַטערס און עס האָט טאַקע אַזוי אָנגעהויבען. אָבער זיין עקזיסטענץ אַליין איז געווען עפּעס נייעס. עפּעס נייעס איז שוין געווען דאָס אַליין, וואָס יונגערע שוישפּיעלער האָט מען אָנגעטרויט אַ טעאַטער.

און דאָ איז געשעהן דאָס אונערוואַרטעטע. ניט נאָר האָט מען זיך באַצויגען צו די יונגע שוישפּיעלער פון אוירווינג פּלייס טעאַטער מיט אַזוי פיעל אויפמערקזאַמקייט, ווי צו די אָנערקענטע סטאַרס, נאָר זיי האָבען פאַרנומען דעם אויבען־אָן, פאַרשטופּענדיג אַלעמען אָן אַ זייט. וועגען מאָרים שוואַרץ, בן־עמי, גאָלדסמיט, זאַיז, ציליע אַדלער און בערטאַ גערסטאַן האָט מען מעהר געשריבען, מען האָט זיי מעהר אויפמערקזאַמקייט געשאָנקען, ווי אַן אַדלער, טאָמאַשעווסקי, קעסלער, קעסטין, מאַקס ראָזענטאַל, רובין און מאַדאַם אַבראַמאָוויטש, אַזוי אויך האָט דאָס אוירווינג פּלייס טעאַטער געצויגען מעהר אויפמערקזאַמקייט ווי די אַלע איבריגע טעאַטערס צוזאַמענגענומען. עס איז ממש אונגלויבליך וויפיעל עס איז געשריבען געוואָרען וועגען אוירווינג פּלייס טעאַטער דעם סעזאָן. די פּרעסע איז געווען איין גרויסע אַנאָנסע פאַר דעם אוירווינג פּלייס טעאַטער.

האָט דאָס אוירווינג פּלייס טעאַטער עס פאַרדיענט? — ניין! זיי האָבען עס ניט פאַרדיענט. זיי זיינען נאָר עפּעס ווען מען פאַרגלייכט זיי מיט די איבעריגע טרופּעס. די איבריגע טעאַטערס זיינען אַזוי געפאַלען, אַז זיי האָבען אָנגעוואָרען יעדען פּנים פון אַ טעאַטער, מיט וועלכען עס איז ווערט צו פאַראינטערעסירען זיך. פריהער פלעגט די פּרעסע זיך זעהר ווענינג אינטערעסירען מיט די קליינע טעאַטערס. מען האָט געוואוסט, אַז זייער גאַנצע אויפגאַבע איז צו מאַכען פּראָפיט פאַר די באַלעבאַטים און אום דאָס צו דערגרייכען זיינען זיי געווען גרייט צו טון אַלץ אין דער וועלט.

דאָס פאַרדיענסט פון אוירווינג פּלייס טעאַטער באַשטעהט אין דעם, וואָס עס האָט אונז געוויזען, אַז אייגענטליך זיינען די גרויסע לעגיטימע טעאַטערס ניט בעסער, אַז זיי שטעהען ניט העכער פון די מיוזיק־האָלס. דאָס וואָס עס איז איינמאָל פעסטגעשטעלט געוואָרען, קען ניט צוריקגעצויגען ווערען, אויסער ווען טעאַטערס וועלען אָננעמען אַן אַנדער כאַראַקטער, אַז ניט ... עט מען זיך מיט זיי אין גאַנצען אויפהערען צו רעכענען, ווי ... ען רעכענט זיך ניט מיט מיוזיק־האָלס, מיט שונד־ראָמאַנען.

און נאָך וואָס דער היינטיגער סעזאָן האָט אויפגעטון. עס האָט זיך אָנגעהויבען די קלאַסיפיצירונג פון די טעאַטערס. יעדער טעאַטער הויבט אָן צו קריגען זיין פּנים. און דאָס איז אפשר דאָס וויכטיגסטע. מיר וועלען אָנהויבען באַלד צו וויסען וואָס מיר האָבען צו ערוואַרטען פון דעם אָדער יענעם טעאַטער און ניט האַלטען אין איין איבערראַשט ווערען.

צוויי טעאַטערס האַלטען איצט אין ארויסווייזען זייערע געשטאַלטען. דאָס איז דאָס אוירווינג פּלייס טעאַטער אַלס אַ מעהר אָדער ווייניגער אינטעליגענטער טעאַטער און געבעל'ס טעאַטער אַלס אַ פאָלקס־טעאַטער, וואו עס ווערען געשטעלט פּיעסען פון אַ רויערען כאַראַקטער, מיט מוזיק און ליעדער און וואָס דאַרף צוציהען צו זיך דעם אַזוי־גערופענעם פאָלקס־מענש, דעם מענש אָהן אַ פיינעם געשמאַק, דערפאַר אָהן אַ פאַרדאָר־

בענעם כאַראַקטער. די מיינסטע פּיעסען, וואָס ווערען אויפגעפיהרט ביי געבעל'ען, זיינען מעהר אָדער ווייניגער ריין פון שמוציגע אָנצוהערעניִשען.

וואָס ס'וועט זיין מיט די איבריגע טעאַטערס איז שווער צו זאָגען.

דער נעקסטער סעזאָן וועט דיענען אַלס דער פּראָביר־שטיין פאַר אונזערע טעאַטערס. זיי וועלען דאַרפען באַווייזען צי זיי זיינען ווערט אָנגערופען צו ווערען מיט דעם נאָמען, ריכטיגער, צי זיי וועלען קענען צוריקקריגען זייער פאַרלאָרענעם פּרעסטיזש און אויף מאָרים שוואַרץ'עס אוירווינג פּלייס טעאַטער וועט ליגען נאָך אַ שווערערע אויפגאַבע: דאָס טעאַטער וועט האַרפען באַווייזען צי עס איז האָט פאַרדיענט די האָפנונגען וואָס מען האָט אויף איהם אַרויפגעלייגט. ווייל אין אמת'ן איז דאָס אַזוי פיעל געלויבטע און באַזונגענע אוירווינג פּלייס טעאַטער ניט מעהר ווי אַ האָפנונג, ד. ה. עס איז נאָך ניט דאָס טעאַטער, אויף וועלכען מיר האָבען אַזוי לאַנג געוואַרט, נאָר עס האָט די מעגליכקייט אַזוינס צו ווערען.

* * *

דער העלד פון דעם היינטיגען סעזאָן איז פּרץ הירשביין. ניט נאָר האָט ער געהאַט ערפאָלג מיט זיינע צוויי־פּיעסען, נאָר ער האָט געשטעלט אויף אַ זיכערען פוס אַ טעאַטער וואָס האָט געהאַלטען שמאָל. אַ גרעסערען ערפאָלג פון הירשביינ'ען האָט געהאַט זאָלאָטאַרעווסקי, וועמעס פּיעסען און דערצו אַלטע, דורכגעפאַלענע זיינען אין איין צייט געשפּיעלט געוואָרען אין דריי טעאַטערס מיט ערפאָלג. אָבער קיינער האָט דעם פאַקט ניט באַמערקט, און מען האָט איהם ניט געדאַרפט באַמערקען, ווייל די דאָזיגע קונסט־טעמפּלען, אין וועלכע זאָלאָטאַרעווסקי איז געשפּיעלט געוואָרען, האָבען זיך פרייוויליג אויסגעשלאָסען פון דעם וואָס מיר רופען טעאַטער און זיי האַלטען אין אָנוועהרען די לעצטע ביסעל אויפמערקזאַמקייט וואָס מען שענקט זיי נאָך איצט.

עס איז ווערט צו באַמערקען, אַז איינינע פּיעסען פון אייראָפּעאישע שריפטשטעלער זיינען אויפגעפיהרט געוואָרען דעם יאָהר ביי אונז. עס איז אויפגעפיהרט געוואָרען מיט ערפאָלג איבסענ'ס „נאָראַ“ און בערנאַרד שאָו'ס „מרס. וואָרענ'ס פּראָפעשאָן“. עס איז געשפּיעלט געוואָרען אַנדרעיעוו און הערמאַן זודערמאַן. פון אונזערע אייגענע זיינען געשפּיעלט געוואָרען פּינסקי'ס אַ נייע פּיעסע „די קרומע וועגען פון ליעבע“ און די אַלטע פּיעסען זיינען: „אייזיק שעפּטעל“, „דער אוצר“ און „גאַברי און די פרויען“. דאָס אַלץ איז געשפּיעלט געוואָרען אין אוירווינג פּלייס טעאַטער. אויך איז אין דעם זעלבען טעאַטער געשפּיעלט געוואָרען דימאָוו'ס, ליבינ'ס און דעם יונגען שמר'ס אַ פּיעסע. קאָברין און אַש זיינען דעם יאָהר ניט געוויזען געוואָרען. דער טאַלאַנטפולער און פעהיגער הומאָריסט משה נאַדיר האָט צום ערשטען מאָל געפּרובט דעם סעזאָן זיין טאַלאַנט אויפ'ן דראַמאַטישען פעלד, אָבער אָהן וועלכען עס איז ערפאָלג. פון דער צווייטער זייט איז אויסער זאָלאָטאַרעפסקי'ן געשטעלט געוואָרען שאָר, שטיינבערג, קאַלמאַנאָוויטש און ווי זיי הייסען דאָרט.

* * *

אַן אינטערעסאַנטער סעזאָן, אָבער זיינע פאָלגען דאַרפען מיר ערשט זעהן, וועלען מיר ערשטע זעהן נעקסטען יאָהר. אינטערעסאַנט אפשר איז דער פאַקט, וואָס אַ גרויסער טייל — און דער וויכטיגסטער — האָט זיך אָפּגעשפּאַלטען פון אוירווינג פּלייס טעאַטער און צוגעצויגען צו זיך מאַדאַם אַבראַמאָוויטש, רובינ'ען און אַנדערע יונגערע קינסטלער און אָרגאַניזירט אַ נייע קאָמפּאַניע, אויסשליסליך פאַר בעסערע דראַמען. די נייע קאָמפּאַניע וועט שפּיעלען נעקסטען סעזאָן אין גאַרדען טעאַטער, אַביסעל ווייט פון דער אידישער געגענד. אָבער וואו איז אין ניו יאָרק דאָ אַ געגענד, וואָס איז ניט אידיש? דאָס וויכטיגסטע פון דער נייער געזעלשאַפט איז, וואָס זיי האָבען אַראַנזשירט דעם באַריהמטען עמאַנועל רייכער פאַר דעם רעזשיסאָר. דאָס איז אַ צייכען פון דער צייט, אַ צייכען פון פאַראַנטוואָרטליכקייט.

# דער אַלוועלטליכער ארבייטער-פאַרבאַנד

פון ה. שער

ס'איז יעצט אריין אין דער מאָדע צו שאפען פלענער וועגען פארבינדונגען פון פעלקער.

אין די פריהערדיגע, יאָהרען האָבען זיך בלויז דיפּלאָמאטען באשעפטיגט מיט פראגען וואָס זיינען נוגע אינטערנאציאָנאלע באציהונגען. דאָס איז געווען א ספּעציעלע פעלד פאר טעטיגקייט פון הויכע רעגיערונגס-פּאָליטיק. דאָס איז געווען פארשידענע אָפּמאכונגען צווישען רעגיערונגען פון פעלקער. דאָס הייסט צווישען די הערשער פון דער וועלט, ניט חלילה צווישען די באהערשטע. דיעזע האָבען פון אזעלכע זאכען ניט געקענט און ניט געטאָרט וויסען. די אָפּמאכונגען און כלומר'שדיגע פארבינדונגען זיינען שטענדיג געווען געהיימע, געפיהרט און געהאלטען בסוד סודות.

מיט אינטערנאציאָנאלע פּאָליטיק זיינען נאטירליך אויך געווען פארבונדען אינטריגעס און קאָנספּיראציעס. א געהיימער אָפּמאך צווישען איין רעגיערונג און א צווייטער האָט אין זיך געהאט באהאלטען, אין די שורות אָדער צווישען די שורות, א מעסער אין זייט פון אן אנדער פּאָלק. געוועהנליך איז דער מעסער געווען געשארפט געגען א שוואכערען פּאָלק.

אלענפאלס איז עס אלץ געווען א זאך פאר אָפיציעלע דיפּלאָמאטען, און דער אלטעגליכער מענש האָט דערפון אפילו קיין אהנונג ניט געהאט.

אמת עס איז געווען דער אינטערנאציאָנאל, די קערפּערשאפט וואָס האָט ביז א געוויסען גראד פארבונדען די סאָציאליסטישע פארטייען און ארבייטער-באוועגונגען פון דער ציוויליזירטער וועלט. אָבער קיין גרויסען איינפלוס אויף דעם אינערליכען פּאָליטישען לעבען פון יעדער לאנד האָט די אינטערנאציאָנאלע ליידער ניט געקענט האָבען. זייענדיג איינגעפאסט אין די אייזערנע פויסטען פון דער וועלט האָט זי זיכער ניט געקענט אויפטאָן דאָס, וואָס מיר וואָלטען וועלען ערווארטען פון איהר. די רעגיערונגען האָבען אונטער קיינע אומשטענדען ניט דערלאָזען קיינעם גאָר אָנצוריהרען זיך צו עטוואָס אינטערנאציאָנאלעס. פאר זיי איז עס געווען ווי אן עקספּלאָדירענדע שטאָף, וואָס קען זיך צו יעדער מינוט אויפרייסען.

זייט די מלחמה האָט זיך אָבער געענדיגט איז באשאפען געוואָרען א גאנץ נייע סיטואציאָן. די גרויסע שטאאטסלייט האָבען גענומען אָפען דיסקוטירען פּראָבלעמען פון נאציאָנען פאראייניגונגען און אלע האָבען דאָס אונטערגעכאפּט. און יעצט איז עס שוין פּשוט אריין אין שוסטער גאַס. יעדער איינער וואָס האָט נור א צונג אָדער א פּען מאכט זיך עס פאר זיין אויפגאבע צו שטודירען פּלענער פון אינטערנאציאָנאלע אנגעלעגענהייטען. די פארשידענע דיפּלאָמאטען און מיניסטאָרען פון אייראָפּא זיינען נאָך ניט פארטיג מיט זייער פיעל פארשפּרעכענדער און נאָך מעהר צופּויקטער „ליעג אוו ניישאָנס" און דאָך בויט מען שוין לופט-שלעסער און ווינט-פּאלאצען אויף דעם.

אזוי זיינען פאָרמולירט געוואָרען פּלענער צו מאכען א פאראייניגונג פון קינסטלער פון אלע פעלקער; א פאראייניגונג אויפ'ן אטלעטישען געביעט; א פאראייניגונג פון פינאנציעלע אינטערעסען פון דער גאנצער וועלט — הכלל, עס איז ליהודים מיט די פעלקער-פאראייניגונגען. עס קאָכט און עס ברויזט דערמיט. אלע זיינען בזי מיט דעם. עס איז א מין עפּידעמיע, אזוי א שטייגער ווי אינפלוענציא אָדער אן אנדער חולאת, וואָס איז אָנשטעקענד. אזוי צי אזוי איז עס יעדענפאלס יעצט דער סיזאָן פון אינטערנאציאָנאלע פארבינדונגען.

א שפּאָגעל נייער פּלאַן צו פאראייניגען די ארבייטער קערפּערשאפטען פון אלע לענדער אויפ'ן עקאָנאָמישען גרונד איז אויך איינע פון די לעצטע ערפינדונגען. ס'איז ניט באקאנט אויב די ארבייטער אליין האָבען עס וואו עס איז אויסגעדריקט אלס זייער וואונש. אָבער געוויסע פיהרער זייערע האָבען זיך דערצו גענומען גאָר ניט אויף קאטאָוועס. אונזערער א קרוב, סעמועל גאָמפּערס, וועלכער איז פון דער רעגיערונג גערופען געוואָרען אין פּאריז, האָט שוין פארקאשערט די ארבעל און איז זעהר טעטיג אין דעם דערמאָנטען פּלאן, כאָטש גאָט אליין ווייסט אויף וויפיעל דאָס וועט זיך איהם איינגעבען.

וואהרשיינליך ווערט עס אלץ געטאָן מיט דער צושטימונג פון די רעגיערונגען. און אפשר טאקע מיט זייער אונטערשטיצונג און ערמוטיגונג. דאָס קענט איהר זיך פארלאָזען אויף דעם אלטען פוקס גאָמפּערס.

אין דער אינטערנאציאָנאלע, וועלכע איז יעצט ווידער אויפגעלעבט געוואָרען, זיינען דא ארבייטער-באוועגונגען פון אלע אייראָפּעאישע לענדער גוט פארטראָטען. אלע ארבייטער-קערפּערשאפטען פון דער וועלט, ניט בלויז די פּאָליטישע פארטייען, זיינען דאָרטען אָנגעשלאָסען. און אויב עס קען נור זיין א מעגליכקייט צו דערנעהנטערען די ארבייטער-אינטערעסען פון די באזונדערע לענדער איינע צו די אנדערע, איז עס נור דורך דער אינטערנאציאָנאלע. דאָס שטעלט מיט זיך פאָר א פארברידערונג פון אלע אונטערדריקטע איבער'ן ערד-קוגעל.

א באזונדערע אינטערנאציאָנאלע פון טרייד יוניאָנס מיינט אייגענטליך אן אָפּאָזיציאָן צו דער נור וואָס געשאפענער אינטערנאציאָנאלע. א געגען אָרגאניזאציאָן צו דער קערפּערשאפט וועלכע ווערט באהערשט פון דעם סאָציאליסטישען גייסט. און דער איינציגער אויפטו פון אזא געגען-אָרגאניזאציאָן וועט געווים זיין ניט מעהר ווי אָפּצושוואכען די ווירקונג און דעם איינפלוס פון דער סאָציאליסטישער אינטערנאציאָנאלע.

ווי עס זעהט אויס, איז דאָס טאקע די אבזיכט פון דער געפּלאנטער באשעפעניש. ס'איז שווער צו געפינען אן אנדער צוועק דערפאר. קיינע צופריעדענשטעלענדע ערקלערונגען איז נאָך פארלויפיג ניט געגעבען געוואָרען אויף דעם. מוזען מיר זיך אלזאָ אליין משער זיין. און אז מען האָט נאָך אין זינען דאָס דער פארפאסער אָדער באגרינדער פון אָט דעם סאָרט פעלקער-פארבינדונג איז דער באקאנטער סאָציאליסטען-פרעסער גאָמפּערס, קלינגט דאָן דיעזע השערה גאָר ניט פרעמד.

אָט איז נור וואָס געווען דער ערשטער צוזאמענפאָהר פון דער נייער אינטערנאציאָנאלע, אָדער איהר ווידער-געבורט נאָך דער מלחמה. דאָס איז אָפּגעהאלטען געוואָרען אין בערן, שווייץ, ווי עס איז אלעמען באוואוסט. כמעט אלע פעלקער זיינען דאָרטען געווען רעפּרעזענטירט. אמעריקא האָט אָבער דאָרטען געפעהלט. דער פּאָליטישער טייל פון דער ארבייטער-באוועגונג, די סאָציאליסטישע פארטיי, איז ניט ערלויבט געוואָרען צו זיין דאָרטען און דער טרייד-יוניאָניסטישער טייל האָט זיך גראָד ענטזאגט דערפון, אמוועניגסטענס אויף ווי ווייט דער פּרעזידענט פון דער אמעריקאן פעדערײשאן אוו לייבאָר רעפּרעזענטירט איהר. די איינלאדונג וואָס גאָמפּערס האָט געקראָגען צום צוזאמענפאָהר אין בערן האָט ער צוריקגעוויזען, און נאָך מיט אן אטאקע דערצו, כאָטש די היגע רעגיערונג, וועלכע איז יעצט פּראקטיש אין פּאריז, האָט איהם זאָגאר געשיקט דאָרטען, ניט נור ערלויבט.

אויף דיעזען צוזאמענפאָהר זיינען אָפּגעהאלטען געוואָרען ספּעציעלע קאָנפערענצען פון פארטרעטער פון טרייד יוניאָנס וועגען עקאָנאָמישע פראגען. דאָס איז געטאָן געוואָרען אין צוזאמענהאנג מיט דער אלגעמיינער ארבייט פון דער אינטערנאציאָנאלע. און זעלבסטפארשטענדליך איז דאָס געווען א גענוגענדע אורזאכע פאר די אָפיציעלע פארשטעהער פונ'ם אמעריקאנעם טרייד-יוניאָניזם ניט צו וועלען צוזאמענטרעפען זיך מיט ברידער יוניאָן-לייט פון אנדערע לענדער וועגען אלגעמיינע אינטערעסען.

לויט דער מיינונג פון די קאָנסערוואַטיווע פיהרער פון די אַמעריקאַנער אַרבייטער דאַרף די טרייד יוניאָן וועלט ניט האָבען קיין מגע ומשא מיט דער פּאָליטישע באַפרייאונג פון די אַרבייטער. דאָס איז זייערע אַן אַלטע איינבילדונג, מיט וועלכער זיי ווילען זיך ניט שיידען. און דאָס זאָל זיין די פאַר־מעלע אורזאַכע פון ניט וועלען האָבען צו טאָן מיט'ן טרייד־יוניאָניזם פון דער אינטערנאַציאָנאַלע, וואו די עקאָנאָמישע און די פּאָליטישע אינטערעסען פון דער אַרבייטערשאַפט זיינען זעהר ענג צוזאַמענגעשמאָלצען. זייער באַגריף פון אַרבייטער־אינטערעסען איז עקאָנאָמיש פּיור ענד סימפּעל. און דאָס זעל־בע ווילען זיי מאַכען אַלס א יסוד צו דער אַרבייטער־פאַראיי־ניגונג פון דער וועלט, וואָס זיי האָבען אין זינען.

איז אַזוינס איבערהויפּט מעגליך? וועט אַן אינטערנאַ־ציאָנאַלע אַרבייטער־קערפּערשאַפט עפּעס קענען אויפטאָן ממשותדיגעס אויפ'ן עקאָנאָמישען געביעט, ווי עס ווערט פאַר־שפּראָכען? לאָמיר עס קלאָר און זאַכליך באַטראַכטען.

עס ווערט, צום ביישפּיעל, פאָרגעשלאָגען, דאָס אַלע צענט־ראַלע אַרבייטער־קערפּערשאַפטען פון די פאַרשיעדענע לענדער זאָלען האָבען איבער זיך א מין עקזעקוטיוו קאָמיטע, צוזאַמענ־געשטעלט פון זייערע פאָרטרעטער. דאָס וועט זיין אַן אַלער־העכסטע פאַרוואַלטונג, א „סופרים באַדי". עס וועט איינגע־אָרדענט ווערען א געוויסער פּלאַץ פאַר דער קאָמיטע ערגעץ אין אייראָפּא, מסתמא, מיט אָפיסעס אויך אין אַנדערע לענדער.

מיט אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבייט אין א באַטרעפענדער אַרביי־טער־באַוועגונג פון א לאַנד וועט דאָך געוויס די־זע „העכסטע מאַכט" ניט האָבען צו טאָן. ניט'זי קען עס און ניט עס וועט איהר אַזוינס אַנפאַרטרויט ווערען: נאָך אַלעמען וועט די אַמע־ריקאַנער אַרבייטערשאַפט, צום ביישפּיעל, זיך ניט אונטערוואַר־פען דער מיינונג פון אַן אויסלאַנדער אַרבייטער־פיהרער. און דאָס זעלבע אויך פאַרקעהרט. יעדע לאַנד האָט זיך איהרע אייגענע אומשטענדען, באַזונדערע פּראָבלעמען און ספּעציעלע אַרבייטער־פראַגען. טרייד פראַגען מוזען ענטשיידעט ווערען אין דער באַטרעפענדער לאַנד און ניט ערגעץ אונטער די הרי חושך.

אין סטרייקס אָדער אַנדערע אַרבייטער־קעמפע וועט זיך דער „סופרים קאָמיטעט" זיכער אויך ניט מישען. קיין יוניאָן־פאַרבאַנד וועט ניט איבערגעבען איהר שיקזאַל אין פרעמדע הענד אַפילו ווען דאָס איז א ברודער יוניאָן־מאַן פון אַן אַנדער פּלאַץ. וועגען דעם איז פשוט ניטאָ גאָר וואָס צו טראַכטען.

דאָס זעלבע איז אַנווענדבאַר צו דער לייבעל פראַגע אָדער אַנדערע זאַכען, וואָס האָבען א דירעקטע שייכות מיט יעדען טרייד באַזונדער. עס לוינט זיך אַלזאָ וועגען דעם ניט פאַר־לירען קיין סך ווערטער.

וואָס אַנבאַלאַנגט אַרבייטער־געזעצגעבונג, איז עס אויך ניט אַנדערש פון די פריהער דערמאָנטע פּראָבלעמען. פאַר גינסטיגע געזעצען פאַר אַרבייטער דאַרף מען טאַקע אָנפיהרען א סיסטעמאַטישען קאַמף. אָבער דאָס ווערט געטאָן אין יעדען לאַנד באַזונדער. קיין פאַראייניגונג פון לענדער וועט דערצו ניט העלפען. אין דער פאַנטאַזיע קען מען פיליכט שאַפען געזעצע פאַר דער גאַנצער וועלט. אָבער אין דער ווירקליכקייט טוט זיך עס ניט אַזוי. קאַפּיטאַליסטישע געזעצגעבער וועלען זיך בשום אופן ניט לאָזען באַאיינפלוסען פון אַרבייטער־פיהרער פון אַנדערע לענדער. אַזוינס וואָלט גראַדע אַרויסגערופען א געגען־ווירקונג.

וואָס פאַר א נוצען קען אַלזאָ אַזא אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציאָן ברענגען?

ס'בלייבט נור איבער איין אורזאַכע פאַר אַן אַלוועלטליכען אַרבייטער־פאַרבאַנד, וועלכער איז פון גרויס באַדייטונג. דאָס איז דער מאָראַלישער ווערטה פון אַן אמת'ע פאַרברידערונג פון אַלע אַרבייטער. דאָס איז אויסגעדריקט געוואָרען לאַנג צוריק פונ'ם פאָטער פון סאָציאַליזם, קאַרל מאַרקס: אַרבייטער פון אַלע לענדער פאַראייניגט זיך. דער וועקען און רופען די אַרבייטער צום קאַמף געגען אַלגעמיינעם שונא, ערוועקען זייער זעלבסטבאַוואוסטזיין.

דאָס צו עררייכען, איז, ווי געזאָגט, דער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל פיעל מעהר פעהיג. א באַזונדערע אָרגאַני־זאַציאָן דערפאַר איז איבעריג און שעדליך, סיידען עס ווערט גע־טאָן אויף להכעיס. דער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל, פון וועלכען מען קען אין דער צוקונפט פיעל ערוואַרטען, איז די פּאַסיגע קערפּערשאַפט פאַר די אמת'ע פּרינציפּען פון קלאַסען־קאַמף.

# די קעכין און די קאַץ

פון נחום י.

(נאָך קרילאָוו)

א קעכין איז אַמאָל פון קיך אַרויס
אַנטקעגען צו א שכנה אין א הויז.
(געוועהנליך ווייסען מיר, אַז ווייבער דאַרפען
גאַנץ אָפט די צינגער שאַרפען.)
אום איינצוהיטען דאָרט די שפּייז
פון מייז —
האָט זי א קאַץ אין קיך געלאָזען. אָבער וואָס
האָט זי דערזעהן, צו איהר פאַרדראָס,
ווען זי האָט פון איהר פריינדין זיך צוריקגעקעהרט?
אויף דר'ערד,
צזאַוואָרפען דאָ און דאָרט,
די ברעקלאַך פון א טאָרט.
און אין א ווינקעל נעבען עסיג־פאַס —
איז אונזער קעצעל מיט א ברען
אין א געבראָטען היהנדעל שטאַרק פאַרטאָן געוועזן.
— „אַך פרעסערין דו איינע!" — האָט מיט כעס
די קעכין צו דער קאַץ זיך דאָ געווענדט. —
„ווי האָסט דו ניט קיין בושה פאַר די ווענט!
איך רייד שוין ניט — פאַר מענשען.
(די קאַץ דערווײלע עסט — און קוקט זיך גאָר ניט אום)

וואָס הייסט, געוועזן ביז איצטער גוט און פרום,
אַז אַלע פלעגען זיך מיט דיר דאָך בענשען!
און דו?... אוי וועה וואָס פאַר א שאַנד!
איצט וועלען אַלע שכנים טענה'ן נאָכאַנאַנד,
אַז דו ביזט, קעצעלע, ניט עהרליך,
ביזט, קעצעלע, א גנב'טע — און דיך
איז ניט וואָס אין א קיך, —
נאָר אין א הויף אַרויפלאָזען געפעהרליך,
א שטייגער ווי א וואָלף אין שעפּסען שטאַל.
דו ביזט פאַר אונז א פּלאָג, א שטראָף, א פּעסט..."
(די קאַץ דערווײלע הערט זיך צו — און... עסט —)
און דאָ האָט אונזער קעכין ערשט מיט גיפט און גאַל
גענומען אויסרעדען איהר גרויס פאַרדראָס און עקעל.
נאָר וואָס איז פאָרט אַרויס דערפון?
ווען יענע האָט גערעדט — האָט אונזער קאַץ די הוהן
דערווײלע אויפגעגעסען ביז אַ ברעקעל.

א צווייטער קעכין וואָלט איך הייסען שטילערהייט
פאַרשרייבען אויף דער וואַנד:
ניט ברויכען דאָרט קיין פּוסטע רייד —
וואו עס פאָדערט זיך א שטאַרקע האַנד.

# וועגען אונזער פאַרוואַלטונג

פון פ. יודיטש

אין צוויי אַרטיקלען פון לעצטען נומער „פריינד“ איז שוין אָנגעוויזען געוואָרען, אַז אונזער איצטיגע פאָרם פון פאַרוואַלטונג טויג ניט. די פעהלערען זיינען: ערשטענס, ווייל 30 מענשען אין אַן עקזעקוטיווע איז צופיעל. מיט אַזאַ גרויסער צאָהל מיטגליעדער קען זי ניט זיין געשיקט אין איהר טעטיגקייט. און צווייטענס, ווייל איבער דער גרויסער צאָהל קאָמיטעס און לויט די איצטיגע איינאָרדנונגען אין דער פאַרוואַלטונג באַשאַפט זיך אַ סך־הכל פון 6 קליינע עקזעקוטיוועס, וואו יעדע באַזונדער האָט אַ גאַנץ ווייטען שייכות מיט דער פאַרוואַלטונגס־אַרבייט פון די אַנדערע קאָמיטעס.

איז וואָס דאַרף מען דערצו טאָן?

באַטראַכט מען די רעקאָמענדיישאָן פון דער נאַציאָנאַלער באָארד און דירעקטאָרס, מוז מען קומען צום שלוס, אַז אַלס אַן „עצה“ איז זייער רעקאָמענדיישאַן ניט קיין שלעכטע: מען וואַרפט אַרויס פון דער עקזעקוטיווע 3 קאָמיטעס און פאַרטיג. אָבער צי דאָס וועט אויך זיין אַ רפואה צו אונזער פאַרוואַלטונגס־פאָרם, אין דעם צווייפעל איך צוליעב פאָלגענדעס:

וואָלט די נאַציאָנאַלע באָארד געקענט ערקלערען די אַלע 3 קאָמיטעס פאַר אומנויטיגע איבריכטונגען אין אונזער פאַרוואַלטונג גאָר אין גאַנצען, אָדער וואָלטען זיי רעקאָמענדירט פאַר דער עדיוקיישאָנאל און פאַר דער גריוועגס קאָמיטע ערגעץ וואו אַ פּלאַץ צווישען די אַנדערע קאָמיטעס, פונקט ווי זיי טוען דאָס מיט דער בענעפיט קאָמיטע, וואָלט דאָס נאָך געווען פאַרשטענדליך. ווען אָבער זיי קומען און ערקלערען, אַז די אָדער יענע קאָמיטע איז אַ נויטיגע, נאָר זי האָט קיין שייכות ניט מיט דער פאַרוואַלטונג, אָט דאָ האָבען זיי אַ גרויסען טעות.

אין דער פאַרוואַלטונג פון אַן אָרגאַניזאַציאָן, און בפרט נאָך אין אַ דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציאָן ווי אונזערע, קענען ניט אָנגעצייכענט ווערען קיין באַשטימטע גרעניצען אין דער פאַנאַנדערטיילונג פון דער אַרבייט. מיר קענען קיינמאָל ניט פעסטשטעלען וועלכע טייל פון אונזער טעטיגקייט עס האָט אַ שייכות מיט פאַרוואַלטונג און וועלכע ניט. ווען מען קוקט דורך די פּראָטאָקאָלען אַפילו פון דער גריוועגס קאָמיטע געפינט מען דאָרט פיעלע פראַגען וואָס זיינען ענג פאַרבונדען מיט דעם אַפּאַראַט פון אונזער פאַרוואַלטונג. דער מיטגליעד פון אונזער גריוועגס קאָמיטע איז ניט קיין דזשאָדזש צום פּסק'ענען שאלות וועגען עולות וואָס ווערען באַגאַנגען אויפ'ן הימעל, נאָר ער דאַרף אויסגלייכען סכסוכים און מיספאַרשטענדניסע אין אונזער אָרגאַניז. ער מוז זיין באַקאַנט מיט יעדען מאָטיוו און מיט יעדער איינצעלהייט וואָס זייענן פאַרוויקעלט אין די פּונקטען פון אונזער אָרגאַניזאַציאָן און פאַרוואַלטונג. און ווידער עדיוקיישאָנאל אַרבייט מוז פונקט אַזוי פאַרוואַלטעט ווערען ווי אָפיס און אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט, און די פאַרוואַלטונג פון דיעזער אַרבייט קען וועניגער אָפּגעזונדערט ווערען ווי די פאַרוואַלטונג פון סאַניטאַריום.

עס איז פּשוט אַן אומזין דער געדאַנק היינט צו באַשטימען די עדיוקיישאָנאל קאָמיטע מיט איהר אַרבייט אַלס אַ באַזונדערען ווינקעל אַרויס פון אונזער אַלגעמיינער אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבייט און פאַרוואַלטונג. די טענה פון אונזער פריינד אַשפּיז, אַז אין דער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע נויטיגען זיך פּראָפעסיאָנעלע אינטעליגענטען, און אַז אין 99 פעלע פון 100 מוז היינט די עקזעקוטיווע אַלס גאַנצע גוטהייסען זייערע רעקאָמענדיישאָנס, ווייל זיי זיינען וועגיג באַהאַוועגט אין עדיוקיישאַן פראַגען, איז אַ גרויסער טעות; די עדיוקיישאָנאל אַרבייט אין דעם אַרבייטער רינג היינט צו טאָג איז שוין אַזוי פאַרברייטערט, אַז די טעטיגקייט באַגרעניצט זיך ניט מעהר בלויז מיט לעקטשורס, נאָר אויך מיט אויסגאַבען פון ביכער, נאָטען און ליעדער, מיט מוזיק, טענץ, קינדער־שולען א. ד. ג. דער מיטגליעד פון עדיוקיישאָנאל קאָמיטע דאַרף פונקט אַזוי קענען מוזיק, ווי דער מיטגליעד פון דער אָפיס קאָמיטע דאַרף קענען בוקקיפּינג. ער מוז פונקט אַזוי ניט זיין קיין לעקטשורער, ווי דער מיטגליעד פון אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע מוז ניט זיין קיין רעדנער. עס פּאַסירט היינט ניט זעלטען, אַז אַן אַרבייטער רינג ברענטש וואָס האַלט ביים שטאַרבען ווענדעט זיך צו דער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע נאָך אַ רעדנער צו מאַכען לעבעדיגער זייערע מיטינגען, און אין אַנדערע פעלע טרעפט פאַרקעהרט, אַז אַ ברענטש ווענדעט זיך צו דער אָרגאַניזאַציאָנס־קאָמיטע נאָך אַ לעקטשורער. דאָס איז פּשוט דערפאַר ווייל אונזערע ברענטשעס קענען מיט גאָר וועניגע אויסנאַהמען אונטערשיידען פון אַ רעדנער ביז אַ לעקטשורער, און אויף צו האַלטען די מיטינגען אינטערעסאַנט פאַר די באַזוכער איז, דאָך דער לעקטשור פונקט אַזוי גוט ווי די רעדע.

אויב אונזער איצטיגע פאָרם פון פאַרוואַלטונג איז געווען אַ שריט פאָרווערטס, אין פאַרגלייך צו דער וואָס מיר האָבען פריהער געהאַט, איז עס געווען מיט דעם, וואָס עס זיינען ביי אונז אָפּגעשאַפט געוואָרען די „סטענדינג“ קאָמיטעס. און אויב די זעלבע פאָרם פון פאַרוואַלטונג ענטהאַלט נאָך אין זיך פעהלערען, איז איהר הויפּט־פעהלער דאָס, וואָס זי האָט ניט באַוויזען ענגער צוזאַמען צו בינדען איהרע דעפּאַרטמענט קאָמיטעס מיט אַ גענוגענדען אינטערעס אין אַלע טיילען פון דער פאַרוואַלטונג. און דארום דאַרפען מיר זוכען פלענער פון נאָהענטערער פאַרבינדונג צווישען זיי. און אויב מיר קענען די אָדער יענע דעפּאַרטמענט קאָמיטע אין גאַנצען ניט אָפּשאַפען, טאָרען מיר זי אָבער געווים ניט באַשטימען פאַר קיין סטענדינג קאָמיטע.

טאָ וואָס זשע פאַר אַ פאָרם דאַרפען מיר אָננעהמען?

באַטראַכטען מיר ווידער די רעקאָמענדיישאַן פון פריינד וואָלאָס, געפינט מען אין איהר אויך פאָלגענדע פעהלערען:

ערשטענס, איז ער אויך מיט דער מיינונג, אַז די גריוועגס קאָמיטע זאָל זיין אַ „סטענדינג“ קאָמיטע. און צווייטענס, דער פּלאַן פון אַ 15־ער עקזעקוטיווע באַשטימט ניט אויף קלאָר ווי די צוטיילונג פון דער פאַרוואַלטונגס־אַרבייט אין דער עקזעקוטיווע זאָל פאָרקומען. דיעזער פּלאַן דאַרף דארום אַמענדירט ווערען. און טוענדיג דאָס, וויל איך ביי דער געלעגענהייט שוין אַמענדירען ביידע פּלענער לויט פאָלגענדער רעקאָמענדאַציע:

1, א) די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע קאָמיטע זאָל באַשטעהן פון 20 מיטגליעדער, וועלכע זאָל מיטען אַלע צוויי וואָכען און זאָל פאַרוואַלטען די אַרבייט פון אָרגאַניזאַציאָן, עדיוקיישאָן, סאַניטאַריום, גריוועגס, אָפיס און בענעפיט קאָמיטען און פון דער עקזעקוטיווע אַלס אַ גאַנצע.

ב) די עקזעקוטיווע טיילט זיך איין אין 4 סאָב־קאָמיטען: אָרגאַניזיישאַן, עדיוקיישאַן, סאַניטאַריום און אָפיס קאָמיטען, וועלכע מיטען אַלע וואָך.

ג) די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע אַלס אַ גאַנצע ערוועהלט פון זיך אַ גריוועגס קאָמיטע פון 5, וועלכע מיטעט אַלע צוויי וואָכען און נעהמט אויף קלאַגעס און אַפּיעלס פון מעמבערס און ברענטשעס. קלאַגען געגען דער עקזעקוטיווע ווערען געמאַכט צו דער נאַציאָנאַלער באָארד און דירעקטאָרס.

2) די בענעפיט קאָמיטע ווערט אָפּגעשאַפט און איהר אַרבייט ווערט איבערגענומען פון דער אָפיס קאָמיטע.

מיר שיינט, אַז אַזאַ פּלאַן פון פאַרוואַלטונג וועט אויסמיידען די פעהלערען פון אונזער איצטיגער פאַרוואַלטונג, וועלכע איך האָב שוין אויבען באַצייכענט, און מיר וועלען דערצו ניט דאַרפען פון דאָס ניי איינפיהרען קיינע „סטענדינג“ קאָמיטעס. איך וויל דאָ נאָך בלויז קלאָרער מאַכען דעם פונקט וועגען דער גריוועגס קאָמיטע.

איך בין מיט דעם איינדורק, אַז אַ גרויסע צאָהל קלאַגען און אַפּיעלס פון אונזערע מיטגליעדער ווערען געשאַפען בלויז צוליעב דער גריוועגס קאָמיטע... די מעהרסטע פון די קלאַגען האָבען ניט דעם מינדעסטען ווערטה אין אַן אָרגאַניזאַציאָן מען זאָל זיך מיט זיי באַדערען. איך בין איבערצייגט, אַז אין קיין אָרגאַניזאַציאָן זיינען פּראָפּאָרציאָנעל ניטאָ אַזוי פיעל פּוסטע קלאַגען מיט אַפּיעלס ווי אין אונזערע אַרבייטער רינג ברענטשעס. בלויז מיט דער באַשאַפונג פון אַ ספּעציעלען „קאָורט“ גיבען מיר זיי צו מעהר באַדייטונג און העלפען אַזעלכע צו פאַרמעהרען. מיר קענען פאַרשטענדליך די גריוועגס איינריכטונג אינגאַנצען ניט אָפּשאַפען, צוליעב די וויכטיגע קלאַגען, וואָס עס טרעפט אָפט ביי אונז, ווי אין אַנדערע אָרגאַניזאַציאָנען. אָבער דערצו איז וויכטיג די קאָמיטע גראַדע פון דער נאַצ. עקזעקוטיווע, און וואָס זאָל מיטען בלויז איין מאָל אין צוויי וואָכען.

... וואָס אַן אַנאַרכיסט קען! אנשטאט צו זיצען אין אַ פינסטערע טורמע אונטער ריגלען און גראַטען, ווי דאָס האָבען געוואָלט די גוט־אינפאָרמירטע און „אמת“־ליעבענדע קאָרעספּאָנדענטען פון די קאַפּיטאַליסטישע צייטונגען — זיצט זיך גאָר פּעטער קראָפּאָטקין אין אַ ל י י ב ר ע ר י נעבען מאָסקווא און אַרבייט זיך רוהיג. וואָס אַזאַ געפעהרליכער מענש קען! נאָך אפילו גאָר קיין א י י ן מאָל נישט אַרעסטירט געוואָרען פון די באָלשעוויקעס...

האַלט עס פאַר אַ הייליגען חוב צו באַזוכען די מיטינגען פון אייער יוניאָן און זעהן, אַז די מוני־פראַגע זאָל געלעזט ווערען אין דעם גייסט פון דער שיקאַגאָ'ר קאָנווענשאָן.

* * *

מאַי וועט אונז אויסקוקען פרעכטיגער און יום־טוב'דיגער ווען מיר וועלען האָבען פאַרפילט אונזער קוואָטא — פולע פינף און זיבעציג טויזענד אין אונזער רינג.




## פריהלינג און פארקיהלונגען

פון דר. י. ב. סאלאמאנדרא

אויף דעם גרעניץ פון ווינטער און זומער, פון שנעע און בעז־בליהטען, ליגט דער שעהנער, חנ'עוודיגער און שמעקענדיגער פריהלינג. וויפיעל הערצער, פארשמאכטע און פאר'יאוש'טע, היילט עס מיט זיינע פארפיומען! וויפיעל לעבענס־רייץ און לוסט צום לעבען וועקט ער קלאפענדיג מיט זיינע דעליקאטע ליליען־פינגער אויף די טירען און די קאמערלאך פון אונזער ברוסט! מיט וואסער אנגעשטרענגטער אונגעדולד ווארטען מיר עס אויף זיין ערשטען שפריץ מיט זונען־שטראלען, מיט וואָרעמקייט מיט גראז און מיט בליהטען!

און דאך טרעפט פיעל מאל אין רעכטען מיטען פון אונזער גרייטען זיך א לעב צו טאן אויף דער באנייטער ערד, אז מיר ווערען עפעס נישט מיט אלעמען, פארליערען אונזער אפעטיט און לוסטיגקייט, דער קאפ ווערט שווער ווי ער וואלט געווארען א היטעל צוקער, דער רוקען הייבט אן צו ברעכען, פון נאז שפארט זיך אן אונאויפהערליכער קוואל פון אונאנגענעהמע פליסיגקייטען — מיט איין ווארט ← קראנק. יעדער אין שטוב זאגט אייך גלייך, אז עס איז א „קאלט“, ס'וועט איבערגעהן.

נאטירליך וועט עס איבערגעהן. איהר וועט אבער באמערקען, אז דער געזונטער, קרעפטיגער קערפער ווערט זעהר זעלטען אנגעגריפען פון אזא מין משולחת. מעהרסטענס איז עס דער שוואכערער, איידעלערער קערפער, אהן א גענוגענדען ווידערשטאנדס־כח, וואס בויגט זיך גיך אונטער דעם דרוק פון אזא מין „קאלט“. דער בעסטער מיטעל אלזא צו באווארענען זיך פון אזא מין קבלת־פנים פון דעם פארפיהרערישען פריהלינג איז נישט אפצושוואכען זיך מיט צופיעל אנגעשטרענגטער ארבייט, אדער דורך פארשיעדענע צווייפעלהאפטע צערשטרייאונגען, ווי זיין שפעט אין דער נאכט אויף בעלער, אדער פארציהען א פאוקער־גיים ביז דעם כעלות השחר און דערנאך ערשט געהן ארבייטען, כאפען אן איבעריג גלעזעל וויין, שנאפס אדער ביער, א. א. וו.

איינענטליך איז די אפשוואכונג פון קערפער שטענדיג אן אפענע טירעל פאר אלע פגע־רע'ס, אז זיי זאלען אריינדרינגען אין אונזערע אינטימסטע ערטער שטילערהייט און דערנאך ארויסווייזען זייערע שארפע נעגעל. סיי זומער, סיי ווינטער מוזען מיר זיין אויף דער וואך און נישט געבען קיין דריסת־הרגל אט די פיצינקע חיה'לאך, אבער גרויסע מזיקים, אז זיי זאלען צוקומען צו אונז.

פריהלינג איז אבער די קריטישסטע צייט פאר דעם געזונד פון דעם נישט זעהר קרעפטיגען קערפער. ווינטער היט מען זיך מעהר, אדער וועניגער. מ'געהט אנגעטון ווארעם, מ'האט אין זינען, אז מ'קען זיך פארקיהלען און מ'איז געוועהנליך פארזיכטיג. ווי אבער די זון הייבט אן צו ווארפען איהרע שעלמישע חנ'דלאך, ווערען מיר פון איהר פארפיהרט. מיר ווארפען גיך אראפ אונזערע ווארעמע קליידער און וואס עס איז נאך ערגער, מיר גיבען אויף אונזער פ א ר ז י כ ט י ג ק י י ט. און אזוי ווי דער זומער איז נאך אליין נישט די דע־פאקטא, פעסטע רעגירונג, נאר פון צייט צו צייט גיט נאך דער ברוגז'ער ווינטער א בלאז מיט זיין קאלטען אטעם און וויל זיך פרובען בלייבען ביי דער ממשלה — ווערען מיר געשטויכעלט מיט פארקיהלונג.

אין אזא פאל איז דאס בעסטע קודם־כל צו נעמען אויף זיך א נדר און א שבועה צו ברענגען דעם קערפער צו א בעסערען צושטאנד דורך א רוהיגען און זינליכען לעבען אהן קיינע עקסצעסען און מיסברויכונגען.

דערווייל, אום לייכטער צו מאכען דעם „קאלט“ פרובט דאס פאלגענדע: נעמט א לייכטען אפפיהר־מיטעל. עסט גאנץ לייכטע עסענס. שטעהט א טאג אין בעט און אמווייניגסטענס נאך צוויי טעג אין שטוב. נעמט א ווארעמע וואנע (זעהט אז ק י י נ ע צוג־ווינטען זאלען ארום אייך נישט זיין) און א פוסבאד, וואס זאל דויערען ארום 20 מינוט. וויקעלט זיך גוט ארום גלייך נאכדעם און גלייך אין בעט אריין (דער שלאפצימער מוז זיין פריהער נאך אויסגעלופטערט און באלד צוריק אנגעווארעמט ווערען נאך איידער דער חולה געהט ארויס פון דער וואנע). ליגענדיג אין בעט קענט איהר נאך נעמען א הייסען לעמאנאד. דאס אלץ.

נאטירליך, ווען די היץ הייבט זיך כסדר און דער קראנקער פיהלט שלעכט, רופט גלייך דעם דאקטאר.

---

איהר קענט אפילו פטור ווערען, ווען איהר ווילט, פון די שווארצע ווארצעלאך, וואס וואקסען זיך אריין אין פארשיעדענע פלעצער פון געזיכט, מעהרסטענטייל ארום דער נאז. שמירט גוט איין די ערטער מיט גליצערין און בענזאין וועט עס זיי ארויסציהען אזוי ווי מיט א צוואנג. איהר קענט עס אויך אויסמאסאזשירען מיט דיזאינפעקצירטע סאניטארע „גאוז“, אדער פארזיכטיג אויסדריקען מיט די שפיצען פינגער, דערביי אויסוואשענדיג דעם פנים מיט בוראק־עסיד.

---

### לאזט אייערע בלומען לאנג לעבען.

ווען מ'פרעזענטירט אייך מיט בלומען נעמט גלייך די עקען פון די שטענגעלאך און האלט עס איבער א פלאם ביז זיי ווערען כמעט שווארץ. דאן שטעלט אריין דעם בוקעט אין וואסער און בייט עס יעדען טאג. די בלומען וועלען דאן לעבען איבער א וואך און מעהר.

---

### פאר די שטוביגע בלומען־טעפ.

אפטמאל הויבען אן די געוויקסען, וואס מיר האלטען אין שטוב, איינצודארען, אדער אין בעסטען פאל ענטוויקלען זיי זיך אזוי שלעפעריג פאמעליך, דאס זיי פארלירען יעדען אינטערעס. אין אזא פאל קריגט עטליכע טראפען פון א פלעשעל אמאניע (היט־עס פון די קינדער — עס איז סם!) און גיסט עס אריין אין ווארעמע וואסער מיט וועלכע איהר זאלט באגיסען דעם בלומען־טאפ (די ערד). אין עטליכע טעג ארום וועט איהר באמערקען די וואונדערבארע ענדערונג: די בלעטער און צווייגלאך וועלען ווערען אנגעגאסען מיט זאפט און קריגען א קרעפטיגען גריענם אויסזעהן און פון אלע זייטען וועלען אנהויבען ארויסצושפראצען נייע שטענגעלאך און צווייגעלאך.



# אַ מוטער'ס טרערען

(אַ קינדער־מעשה)



פון מלכה טוזמאַן

ערגעץ אין אַ געדיכטען וואלד האָט געוואוינט אַ יעגער מיט זיין ווייב און קליינער טאָכטער, וועמענס נאָמען עס איז געוועזען חנה'לע.

זייער היים איז באשטאנען פון אַן איינציממערדיג שטיבעלע. אָבער עס איז געוועזען באקוועם און אימער זויבער. די ווענט זיינען געוועזען באפּוצט מיט אלערליי פעדערען פון פארשיעדענע פויגלען, און ווען די זון האָט אריינגעשיינט דורך די קליינע פענסטערלאך און האָט געוואָרפען איהר שיין אויף די קאָלירטע פעדערען, האָט דאָס אריינגעבראכט אין צימער אַ באזונדערע ליעבליכקייט. און אלעם האָט אויסגעזעהן ווי עס וואָלט געזונגען און געטאנצט אינוועניג.

צופריעדען און גליקליך האָט זיך די קליינע וואלד־פאמיליע געלעבט, פון קיינעם און קיין זאך געשטערט. ערנעהרט האָבען זיי זיך פון געיעג, מיט וואָס דער פאָטער האָט זיך פארנומען. און די מוטער האָט זיך אָפּגעגעבען מיט דער ווירטשאפט פון הויז און ארום הויז: האָט געקאָכט, געבאקט, געראמט, געפלאנצט און אכטונג געגעבען אויף דער שעהנער חנה'לען.

חנה'לע איז געוועזען זעהר טייער ביי איהרע עלטערן. די גאנצע פרייע צייט, וואָס זיי האָבען געהאט, האָבען זיי אוועקגעגעבען פאר חנה'לעס פארגעניגען. האָבען פאר איהר אויסגעטראכט פארשיעדענע שפּיעלען, האָבען פאר איהר געזונגען און געטאנצט און חנה'לען פרעהליך געמאכט. און אז עס פלעגט קומען חנה'לעס געבורטסטאָג איז ביי די עלטערן געוועזען אַ גרויס יום־טוב. און יעדעס יאָהר, פּונקט צו דער שעה פון איהר געבורט, האָבען זיי אַ בוים געפלאנצט ארום הויז.

פיער בוימער, איינע גרעסער פון דער אנדערער, זיינען געוואקסען און יעדע פון זיי האָט געטראָגען חנה'לעס נאָמען. און גרויס איז געוועזען די פרייד פון די עלטערן ווען געקומען איז דער טאָג צו פלאנצען אַ פינפטען בוים, ווייל חנה'לע איז פינף יאָהר אלט געוואָרען.

אין אַ הויכען מיט בלומען באפּוצטען שטוהל איז די קליינע חנה געזעסען ווי אַ פּרינצעסין מיט אַ בלומען־קרענצעלע ארום איהר לאָקיגען בלאָנדען קעפּעלע און האָט געקוקט ווי טאטע־מאמע זיינען באשעפטיגט מיט'ן פלאנצען דעם בוים. איז פּלוצים געקומען צו פליהען אַ גרויסער אָדלער און האָט אריינגעכאפּט חנה'לען אין זיינע שטארקע נעגעל און איז שנעל ווי אַ בליץ פארשוואונדען מיט איהר. ווען די עלטערן האָבען זיך ארומגעקוקט, האָבען זיי דעם שטוהל דערזעהען אַ לעדיגען. אומזיסט האָבען זיי געשריען און גערופען — חנה'לע איז ניט געקומען.

מיט אַ פארביטערט האַרץ און שווער געמיט האָט זיך די מוטער געלאָזט איבער'ן וואלד איהר קינד זוכען. געגאנגען איז זי אַ טאָג מיט אַ נאכט און האָט קיין שפּור ניט געפונען פון איהר קינד. אַ מיעדע און אַ צובראָכענע האָט זי זיך אוועקגעזעצט אויף דער ערד און האָט געטראכט וואוהין זי זאָל ווייטער געהן, איז צו איהר צוגעקומען אַן אלטע, גרייז־גרויע פרוי, אָנגעשפּארט אויף אַ גרויסען שטעקען, און האָט זי געפרעגט פארוואָס זי איז אזוי טרויעריג. די אומגליקליכע מוטער האָט דער אלטינקער אלעס דערצעהלט. האָט די גוטע אלטע פרוי געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און האָט געזאָגט: „געה אַ טאָג מיט אַ נאכט, ביז דו וועסט קומען צו אַ פּלאץ, וואו עס צושיידען זיך דריי וועגען, זאָלסטו זיך נעהמען אויפ'ן מיטעלסטען וועג און זאָלסט געהן נאָך אַ טאָג מיט אַ נאכט, וועסטו קומען צו זעהר אַ הויכען בארג, און אויף יענעם בארג וואוינט דער אָדלער, וועלכער האָט דיין קינד אוועקגערויבט."

געזאָגט דאָס, איז די אלטע פרוי פארשוואונדען אין געדיכטען וואלד. און חנה'לעס מוטער האָט געטאָן פּונקט ווי די אלטע האָט איהר געהייסען. זי איז געגאנגען אַ טאָג מיט אַ נאכט, איז זי צו די דריי וועגען געקומען. איז זי געגאנגען נאָך אַ טאָג מיט אַ נאכט, איז זי צו אַ הויכען בארג געקומען, און אויפ'ן שפּיץ פון בארג איז דער אָדלער געזעסען, און נעבען בארג איז געלעגען אַ פארוועלקטע בלומען־קרענצעלע און נעבען קרענצעלע איז אַ ביינדעלע געלעגען.

„אַ ביינדעלע פון מיין קינד!" האָט די פארצווייפעלטע מוטער אויסגעשריען און אַ שטראָם הייסע טרערען האָבען זיך פון איהרע אויגען אויף דעם קליינעם ביינדעלע געגאָסען. און יעדע טרער פון דער אָרימער מוטער האָט זיך אין אַ פּערעל פארוואנדעלט. און אזוי איז די מוטער אין גאנצען אין טרערען צוגאָסען געוואָרען און פון איהר איז ניט מעהר ווי אַ בערגעלע פּערעל פארבליבען.

ווער עס וועט געהן אין יענעם וואלד אַ טאָג מיט אַ נאכט און וועט געפינען די דריי וועגען וואָס צושיידען זיך און וועט געהן נאָך אַ טאָג מיט אַ נאכט אויפ'ן מיטעלסטען וועג, וועט דאָס בערגעלע פּערעל געפינען צו פוסענס פון דעם הויכען בארג, וואו דער שטאָלצער אָדלער וואוינט.

---

בעסי הערשפּיעלד:

## עס טאָגט

לעשען זיך שטערענדלאך,
לעשען זיך אויס,
בלייבט זיך דער הימעל שוין —
נאכט ביזט שוין אויס!...

פלאקערט דער מאָרגען אויף
אין מזרח דעם רוים,
עס וועקט דאָרט די זון שוין
איהר גאָלדענעם טרוים...

---

בראווע קאמפּיינער, איהר מוזט ליגען נאך אַ גאנצען מאָנאט אין די טרענטשעס!

# וועגען דער פאַרוואַלטונג אין אַ. ר.

(דיסקוסיאָן)

פון מאָריס קאַהען

אין לעצטען נומער „פריינד" פאַרטיידיגט פריינד מ. אַשפּיז די רעקאָמענדאַציאָן פון די נ. ב. א. ד. בנוגע דער פאַרוואַלטונגס־פראַגע. עס וואונדערט מיר זעהר, וואָס פריינד אַשפּיז רעכענט זיך אַזוי שטאַרק מיט די געוועזענע „יונגע" און ווי עס קוקט אויס שרייבט ער דעם גאַנצען אַרטיקעל צוליעב אָדער פאַר זיי. דוכט זיך עס איז אַן אָנגענומענער אמת ביי אונזערע טוער און וואָרט־פיהרער, אַז די יונגע זיינען בלויז געווען אַ ביסעל הילדקעס און טומעל־מאַכער און אַז עס איז פון זיי קיין שריד ופליט ניט געבליבען. הייסט צו וואָס זיך רעכענען מיט זיי? אָבער וואָס עס זאָל ניט זיין וועגען די „יונגע", איין זאַך איז זיכער, אַז די פאַרוואַלטונגס־פאָרם, וועלכע די נ. ב. א. ד. רעקאָמענדירט יעצט, איז שוין עטליכע מאָל געטראַגען צום רעפערענדום און איז דורכגעפאַלען, און אויב דיעזע פאָרם ווערט אונז ווידער אַמאָל אונטערגעטראָגען, דאַן דאַרפען אַרויסגעבראַכט ווערען נייע אַרגומענטען פאַר איהר. פריינד אַשפּיז געפינט, אַז די ניו־דזשוירזי פאָרם איז געווען אַ דורכפאַל פון אָנפאַנג אָן, ווייל 1) די עקזעקוטיוו קאָמיטע איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען פון 6 באַזונדערע קאָמיטעס. 2) די צאָהל 30 איז צו גרויס פאַר אַן עקזעקוטיוו קאָמיטע. 3) 5 עקזעקוטיוו מעמבערס האָבען געהאַט מעהר מאַכט ווי די איבעריגע 22. 4) די פאָרם איז אָנגענומען געוואָרען צו להכעיס, אָדער אויס פּראָטעסט.

ווען מיר זאָלען זיך צוקוקען נעהענטער, וועלען מיר זעהן, אַז די ערשטע 3 אַרגומענטען האַלטען ניט אויס קיין קריטיק. דער ערשטער אַרגומענט פאַלט אַרונטער שוין מיט דעם אַליין, וואָס דיעזער איבעל איז אָפּגעשאַפט געוואָרען, הגם — באַטש צווייטס זיך, קען איך ניט פאַרשטעהן פאַרוואָס עס האָט ניט געטויגט, אַז די 6 קאָמיטעס זאָלען נאָמינירט ווערען און ערוועהלט ווערען באַזונדער.

דער דריטער אַרגומענט פאַלט יעצט אויך אַרונטער. לאָמיר באַטראַכטען דעם צווייטען אַרגומענט וועגען דער צאָהל מעמבערס אין דער עקזעקוטיוו קאָמיטע.

פריינד אַשפּיז שטיצט זיך אויף די סטייטמענטס פון צבאון און עפּשטיין, אַז אַן עקזעקוטיוו קאָמיטע פון 30 איז זעהר אונגעשיקט (קלאָמזי). איך בין קיינמאָל ניט געווען קיין עקזעקוטיוו מעמבער אין אַ. ר., אָבער וויפיעל איך האָב ניט נאָכגעדענקט וועגען דעם, קען איך פאַר קיין פאַל ניט באַגרייפען וואַריום עס זאָל זיין אַזוי. דער אַרבייטער רינג האָט, דוכט זיך, אַזוי פיעל פאַרשיעדענע אַרבייטען צו טאָן, כ'גלויב, אַז 40 עקזעקוטיוו מעמבערס וואָלטען אויך געהאַט גענוג אַרבייט צו טאָן. און אין דער פאַרוואַלטונג, וועלכע אַשפּיז פאַרטיידיגט, וועלען דאָך אויך זיין באַלד 30 מענשען. נאָר וואָס דען? צוויי קאָמיטעס וועלען אָפּגעטיילט ווערען. פרעגט זיך — וואָרום? מיינט פריינד אַשפּיז, אַז אין „דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע נויטיגען זיך פּראָפעסיאָנעלע אינטעליגענטען און דיעזע האָבען ניט קיין אינטערעס אין דער רוטינע אַרבייט פון די איבעריגע קאָמיטעס" און וויל וואַרשיינליך זאָגען, אַז די עדיוקיישאָנאַל קאָמ. נויטיגט זיך אין זיי און ניט זיי אין דער קאָמיטע. נון, איך גלויב, אַז קיין שטאַרקע נויטווענדיגקייט אין „פּראָפעסיאָנעלע" אינטעליגענטען איז ניטאָ אפילו פאַר דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, אָבוואָהל איך האָב ניט דאָגעגען אַז וועלכע זאָלען אַריין אין דער קאָמיטע, ווייל די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע דאַרף ניט שרייבען קיין ביכער אָדער האַלטען רעפעראַטען. די קאָמיטע דאַרף בלויז באַזאָרגען די ריכטיגע מענשען צו שרייבען די ריכטיגע ביכער און צו האַלטען די וויכטיגע רעפעראַטען אָדער צו לערנען אין די אָרגאַניזירטע שולען, און פאַר דעם פאָדערען זיך מענשען, אמת מאַקע אינטעליגענטע, אָבער ניט דוקא „פּראָפעסיאָנעלע", און אויב גאָטעס ווילען — ווער וועט דען ניט זיין צופריעדען, אַז אין אַלע איבעריגע קאָמיטעס זאָלען אויך זיין אינטעליגענטע מענשען? אָדער פאַרקעהרט, ווער פון די עקזעקוטיוו מעמבערס וועט דען באַהויפּטען, אַז אין דער עקזעקוטיוו קאָמיטע פון אַ. ר. זיינען דאָ ניט קיין אינטעליגענטע מענשען? און ווען אין דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע זאָלען זיין כתם אינטעליגענטע אידען, ניט קיין פּראָפעסיאָנעלע, ביז וועלכע אַ מינוט איז אפשר אַ רענדעל, וועט, דוכט זיך, פאַר זיי זיין העכסט אינטערעסאַנט און וויכטיג צו האָבען איין מאָל אין מאָנאַט אַ מיטינג צוזאַמען מיט אַלע איבעריגע קאָמיטעס און האָבען אַ קלאָרען באַגריף וועגען דער טעטיגקייט פון דער גאַנצער עקזעקוטיוו קאָמיטע און אויך טראָגען די פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר דער טעטיגקייט פון דער גאַנצער עקזעקוטיוו קאָמיטע. וואָס אַנבאַלאַנגט דער גריווענס קאָמיטע, לויט די פונקציאָנען, וועלכע זיינען איהר יעצט צוגעטיילט, קען זי טאַקע אַרבייטען אַלס אַ זעלבסטשטענדיגע קאָמיטע. עס זיינען אָבער ניטאָ קיין וויכטיגע גרינדע איהר אָפּצוטיילען פון דער עקזעקוטיוו קאָמיטע. דער אַרגומענט, אַז „מען זאָגט, אַז די גריווענס קאָמיטע אַלס אַ טייל פון דער עקזעקוטיוו קאָמיטע איז גענייגט צו האַלטען מיט די דעפּאַרטמענט קאָמיטעס" איז אַמאָל באַנוצט געוואָרען אויך געגען דער „לאָא און קאָנסטיטושאָן קאָמיטע", וועלכע איז געווען זעלבסטשטענדיג.

איך גלויב, אַז יעצט איז דוקא בעסער, ווייל פיעלע אורטיילע פון דער גריווענס קאָמיטע ווערען יעצט פאַרהאַנדעלט פון דער עקזעקוטיוו קאָמיטע און ווערען מאַנכעס מאָל אומגעוואָרפען, אַנשטאַט זיי זאָלען דאַרפען אַפּעלירט ווערען צו דער נ. ב. א. ד.

די נ. ב. א. ד. רעקאָמענדירט אויך, אַז די בענעפיט קאָמיטע זאָל אָפּגעשאַפט ווערען, ווייל זי האָט קיין אַרבייט ניט. איך גיב צו, אַז „פּעסען סערטיפיקייטס" איז ניט קיין אַרבייט פאַר 5 מענשען. איך ווייס אָבער אויך, אַז די בענעפיט קאָמיטע האָט צו ענטשיידען פיעלע צווייפעלהאַפטע „קייסעס" וועגען סיק בענעפיט און וועגען קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט, און אויב די בענעפיט קאָמיטע זאָל אָפּגעשאַפט ווערען, וואָלט דען ניט געווען פּראַקטישער איבערצוגעבען די אויפגאַבע צו אורטיילען איבער אַלע צווייפעלהאַפטע קייסעס צו דער גריווענס קאָמיטע און ניט צו דער אָפיס קאָמיטע?

אין אַלגעמיין קען די גאַנצע רעפאָרם רעדוצירט ווערען בלויז צו דער אָפּשאַפונג פון דער בענעפיט קאָמיטע און פאַרקלענערען די עקזעקוטיוו קאָמיטע מיט 5 מענשען, און דאָס קענען די מעמבערס פון אַ. ר. ניט איינזעהן די גרויסע נויטווענדיגקייט דערפאַר. אין 1914 האָבען אַלע איינגעזעהן, אַז אַן ענדערונג אין דער פאַלוואַלטונגס־פאָרם דאַרף געמאַכט ווערען, ווייל איין קאָמיטע מיט דער צווייטער האָבען זיך אַרומגעקריעגט ניט זייענדיג פאַרבונדען איינע מיט די אַנדערע. אָבער וואָס איז יעצט? די מעמבערס, וועלכע לעזען די רעפּאָרטס פון דער עקזעקוטיוו קאָמיטע, קריגען דוכט זיך דעם באַגריף, אַז אַלעס איז אין בעסטען אָרדנונג און קיינע רעפאַרמס זיינען ניט נויטיג. דאָ קומט אָבער דער פערטער און שטאַרקסטער אַרגומענט פון פריינד אַשפּיז, וועלכער ערקלערט די איינגעשפּאַרטקייט פון איינציגע וואָרט־פיהרער אונזערע אָפּצושאַפען די ניו־דזשוירזי פאָרם פון פאַרוואַלטונג, אַזוי, אַז עס זאָל פון איהר קיין סימן ניט בלייבען, דערפאַר וואָס די געוועזענע „יונגע" קענען זיך נאָך חס ושלום באַריהמען, אַז עפּעס איז דאָך פאַרבליבען פון זייער טעטיגקייט. עס איז אָבער פאַלש די מיינונג, אַז די מאַיאָריטעט אַ. ר. מעמבערס האָבען 2 אָדער 2 מאָל גוטגעהייסען די ניו־דזשוירזי פאָרם בלויז צו להכעיס (וועמען?) גיכער קען איך אָננעמען דעם שטאַנדפּונקט, אַז אונזערע מעמבערס ווילען ניט איבערגעבען די גאַנצע פאַרוואַלטונג צו אַ קליינער צאָהל מענשען און אַז די אַרבייט וועט בעסער געטאָן ווערען, און אין דיעזען גייסט וועלען זיי יעצט האַנדלען. אויב יאָ רעפאָרמירען, דאַרפען מיר עס די סיסטעם פון נאָמינירען און ערוועהלען די עקזעקוטיוו קאָמיטע, וועלכע איז ווייט ניט צופריעדענשטעלענד.

מיר דאַרפען אויך רעפאָרמירען די סיסטעם פון אונזערע קאָנווענשאַנס אָדער, נאָך מיין מיינונג, איינגאַנצען אָפּשאַפען די קליינע קאָנווענשאַנס און האָבען אַ גרויסע קאָנווענשאַן איין מאָל אין דריי יאָהר.

מיר דאַרפען רעפאָרמירען אַ סך זאַכען. איך בין זאָגאַר ניט דאָגעגען מיר זאָלען רעפאָרמירען די פאָרם פון פאַרוואַלטונג, אָבער די רעפאָרם זאָל זיין אַ פּראַקטישע און זאָל אויסבעסערען די פאַרוואַלטונג, אָבער ניט רעפאָרמירען לשם רעפאָרם, בלויז דערפאַר וואָס די יעצטיגע פאָרם איז, נאָך אימיצענס מיינונג, אָנגענומען געוואָרען צו להכעיס.

נאָר ווי זאָגט אונזער פעליעטאָניסט נפתלי? אַז אַ רעפערענדום פאַלט דורך דערשרעקען מיר זיך אויך ניט. מען שיקט אַ צווייטען, אַ דריטען און פיערטען אויך און גאָט העלפט, עס געהט אַמאָל דורך. אפשר וועט דיעזען מאָל קומען די ישועה?

איך האָף אַז ניט.

---

וועה צו יענע, וועלכע זאָגען אויף שלעכטס, אַז עס איז גוט און אויף גוטס, אַז עס איז שלעכט. — ישעיה.

* * *

נאָך איין מאָנאַט ביז דער קאָנווענשאַן און מיר ווילען, אַז איהר זאָלט אַמווענינסטענס פאָרשלאָגען נאָך איין מעמבער.

---

אַ מיליטער־געריכט האָט פאַר'משפט אַ סאָלדאַט אויף פינף און צוואַנציג יאָהר טורמע פאַר פאַרשפּעטיגען זיך מיט פינף און צוואַנציג מינוט צוצושטעלען זיך נאָך דעם „ליעוו", וואָס ער האָט געקראָגען אויף 48 שעה. טרעפט אין וועלכער מדינה דאָס האָט פּאַסירט...

---

**געדענקט אָן די מלחמה קרבנות און פאַרגעסט ניט דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין!**

# די אידישע ארבייטער באוועגונג אין אמעריקא

(קאָנספעקט פאַר אַן איינלייטונג)

פון ה. בורגין

דער אונטערשיעד פון דער אַרבייטער־באוועגונג אין אַמעריקא און אין אייראָפּא. דער אומפּאַרטייאישער כאַראַקטער פון דער מאָדערנער סאָציאַליסטישער באוועגונג אין אַמעריקא. די שוואַכע פאַרהעלטניסע צווישען טרייד־יוניאָניזם און סאָציאַליזם אין די פאַראייניגטע שטאַטען. — עקאָנאָמישע, פּסיכאָלאָגישע און פּאָליטישע אורזאַכען, פאַרוואָס אַמעריקא איז אַ לענגערע צייט געווען ניט קיין גינסטיגער באָדען פאַר אַ סאָציאַליסטישער באוועגונג.

דער אָנפאַנג פון אַ רעגעלער סאָציאַליסטישער באוועגונג אין לאַנד. די לעצטע יאָהרען פון ערשטען סאָציאַליסטישען אינטערנאַציאָנאַל. — די גרינדונג פון דער סאָציאַליסטישער אַרבייטער פּאַרטיי (ס. ל. פּ.). — די יונייטעד־לייבאָר פּאַרטי און די סינגעל טעקסערס. — די פּראָגרעסיוו לייבאָר פּאַרטיי און די ס. ל. פּ.

די נייטס אוו לייבאָר: איהרע מעלות און חסרונות. — די אַמעריקאַן פעדערײשאַן אוו לייבאָר. איהר פאַרצוג אין פאַרגלייך מיט די נייטס אוו לייבאָר. איהרע גרויסע חסרונות: די פּיור ענד סימפּעל טאַקטיק, די קאָנטראַקט סיסטעם, דער קרעפט יוניאָניזם. די באַציהונג פון דער נייטס אוו לייבאָר און פון דער אַמעריקאַן פעדערײשאַן אוו לייבאָר צו דער ס. ל. פּ. אין די 90־ער יאָהרען פון פאָריגען יאָהרהונדערט.

די אורזאַכען פון שפּאַלטונגען אין דער ס. ל. פּ.: די אָרגאַניזאַציאָנס־פראַגע, די פראַגע וועגען דער פּאַרטיי־פּרעסע, די יוניאָן־פראַגע. די „סאָשעליסט טרייד ענד לייבאָר עללייענס" אַלס אורזאַכע פון רייסערייען.

דעבס'עס סאָשעל דעמאָקראַסי אוו אַמעריקא. — די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי. — די „קענגורוס" און די „סקאָנקס". — דעניעל דע ליאָן און זיין ראָלע אין דער באוועגונג. — פּאָלעמיק צווישען „די פּיפּעל" און די „ניו־יאָרקער פאָלקס־צייטונג". די פאַראייניגונג פון די קענגורוס מיט דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין אַ סאָציאַליסטישע פּאַרטיי (ס. פּ.).

די ס. פּ. און דער וואוקס פון דער סאָציאַליסטישער באוועגונג. — אורזאַכען פון וואוקס. — די ווירקונג פון דער רוסישער רעוואָלוציאָן. — סימפּטאָמען פון אַ ראַדיקאַלען גייסט אין די 1900־ער יאָהרען.

די אינדוסטריעל וואָירקערס אוו דהי וואָירלד (א. וו. וו.). — די וועסטערן פעדערײשאַן אוו מיינערס. — די קיים פון מאַיער, הייוואוד און פּעטיבאָן. — די שפּאַלטונג אין די רייהען פון די א. וו. וו. — די ס. ל. פּ. און די א. וו. וו. — די ס. פּ. און די א. וו. וו. — דער שיקזאַל פון דער ס. ל. פּ.

די דריטע פּאַרטייען אין די פאַראייניגטע שטאַטען. — די געגענזייטיגע אָפּהעלטניסע צווישען די „דריטע פּאַרטייען" און דער סאָציאַליסטישער באוועגונג.

הייוואודיזם און דער קאַמף מיט סינדיקאַליזם אין דער ס. פּ. — די (ענגלישע) סאָציאַליסטישע פּרעסע אין די פאַראייניגטע שטאַטען. — די „וואָירקמענס אדוואָקייט", די „פּיפּעל", די „וואָירקער", די „קאָלל", די „קלעס סטראָגל" א. ז. וו.

דער וואוקס פון דער ס. פּ. אין די 1910־ער יאָהרען. — די זיעגע און נידערלאָגען אין פאַרשיעדענע קעמפּיינס. — די „בולל מוז" פּאַרטי און איהר שייכות צו דער ס. פּ. — די נאָן פּאַרטיזאַן ליעג: איהר פּראָגראַם און איהר אונטערשיעד פון דער ס. פּ.

די וועלט־מלחמה און די ס. פּ. — די וועלט־מלחמה און די אַמעריקאַן פעדערײשאַן אוו לייבאָר. — די „עללייענס אוו „לייבאָר ענד דעמאָקראַסי". — די אָפּשפּאַלטונג פון די סאָציאַל־פּאַטריאָטישע עלעמענטען פון דער ס. פּ. — די סאָשעליסט פּראָפּאַגאַנדא ליעג. — דער עספּיאָנײדזש געזעץ און די שריטע געגען דער ראַדיקאַלער פּרעסע און ראַדיקאַלע אַרבייטער.

די „לעפט ווינג" באוועגונג. — דער יעצטיגער צושטאַנד פון דער אַרבייטער־באוועגונג.

מ. הילקוויט'ס קוועלען: „היסטאָרי אוו סאָשעליזם אין די יונייטעד סטייטס";

ה. בורגין'ס „געשיכטע פון דער אידישער אַרבייטער־באוועגונג אין רוסלאַנד, ענגלאַנד און די פאַראייניגטע שטאַטען";

די „וואָירקמענס אדוואָקייט", די „פּיפּעל", די „וואָרקער", די „קאָלל" א. ד. גל.;

די דויטשע „ניו־יאָרקער פאָלקס־צייטונג";

דזש. יוהען'ס „היסטאָרי אוו סאָשעליזם אין די יונייטעד סטייטס".

די „פעדערײשאָניסט" (אָרגאַן פון דער אַמעריקאַן פעדערײשאַן אוו לייבאָר).

# זיצונגען פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע א.ר.

דער רעגולער מאָנאַטליכער מיטינג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע פון אַרבייטער רינג ווערט ערעפענט זונטאַג, דעם 2טען מערץ, מיט פריינד אב. עפּשטיין אַלס טשערמאַן.

דער טשערמאַן בעט צו באעהרען דעם אנדענקען פון קורט אייזנער מיט אויפהויבען זיך פון די פּלעצער.

## באריכטען

פריינדע גאָסקין און שפּינראַד ענטשולדיגען זיך וואָס זיי זיינען ניט געווען פאַרטראָטען ביי'ם יובילעאום פון ברענטש 2. זיי ערקלערען, אַז צוליעב קראַנקהייט אין זייערע פאַמיליען איז פאַר זיי אונמעגליך געווען דאָס צו אַטענדען. — באַשלאָסען צו ענטשולדיגען.

פריינד דייווידאָף באריכטעט, אַז ער איז געווען ביי'ם יובילעאום פון בר. 47 און בר. 290, וואָס זיי האָבען געמיינשאַפטליך אַראַנזשירט. די מיטגליעדער האָבען זיך געפּלעדזשט צו 50 סענט פּער מעמבער פאַר'ן אַ. ר. רעליעף פאָנד. זיי האָבען יענעם אבענד געשאַפען 1,300 דאל. און פּלעדזשעס אויף 2,000 דאל. פאַר אַ לייבאָר לייסעאום פאָנד. די אונטערנעהמונג איז בכלל געווען זעהר אַ שעהנע. ער האָט זיי באַגריסט אין נאָמען פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע. — באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

פריינדע ווײנבלאַט און פּערלשטיין באריכטען, אַז זיי זיינען געווען פאַרטראָטען ביי בר. 185 און זיי באגריסט אין נאָמען פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו. ס'איז צו דער געלעגענהייט פון זייער יובילעאום אינסטאָלירט געוואָרען דער 100סטער מעמבער. זיי האָבען ביי'ם באַנקעט געשאַפען 25 דאלאר פאַר'ן אַ. ר. 25 טויזענד דאָלאר רעליעף פאָנד. באריכט ווערט גוטגעהייסען.

פריינד אב. עפּשטיין באריכטעט, אַז ער איז געווען ביי דער אונטערנעהמונג פון בר. 210. ער האָט דאָרט גערעדט וועגען רעליעף טעטיגקייט און זיי האָבען זיך פאַרפליכטעט צו שאַפען 250 דאלאר פאַר דעם אַ. ר. רעליעף פאָנד. ס'זיינען דאמאָלס אינסטאָלירט געוואָרען עטליכע נייע מעמבערס. די אונטערנעהמונג האָט בכלל געמאַכט אויף איהם זעהר אַ גוטען איינדרוק. — באריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. דינערשטיין ערקלערט, אַז ער האָט געהאַט אַ צווייטען מיטינג און לײדער ניט געקענט אַטענדען צו בר. 52.

פריינד גאָלדינג באריכטעט, אַז פריינד אב. עפּשטיין און ער זיינען געווען פאַרטראָטען ביי'ם יובילעאום פון בר. 256, נואַרק. די אונטערנעהמונג האָט געטראָגען אַן אמת'ן אַרבייטער רינג כאַראַקטער און זיי האָבען ביי דער געלעגענהייט געשאַפען אַ געוויסע סומע פאַר'ן רעליעף. ס'איז דאמאָלס אויך אינסטאָלירט געוואָרען דער 256טער מעמבער. — באריכט ווערט גוטגעהייסען.

פריינד ווײנשטיין באריכטעט, אַז ער איז געווען צום באַנקעט פון בר. 201 און זיי באגריסט אין נאָמען פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו. ער האָט דאָרט אויך גערעדט וועגען מעמבערשיפּ און רעליעף קאמפּיינס. — באריכט ווערט גוטגעהייסען.

פריינד דינערשטיין באריכטעט, אַז פריינדע עפּשטיין, וואלאווין און ער זיינען געווען פאַרטראָטען אין סאַניטאַריום ביי דער פייערונג פון סאַניטאַריום־טאָג. דער קאָנצערט, וואָס איז אַראַנזשירט געוואָרען לכבוד דעם יום־טוב, איז געווען זעהר אַ געלונגענער.

פריינד דינערשטיין באריכטעט, אַז די קאָנפערענץ צו נאָמינירען קאַנדידאַטען צו דער קומענדער פאַרוואַלטונג איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען דעם 16טען פעברואַר. פר. עפּשטיין האָט ערעפענט די קאָנפערענץ און ס'זיינען נאָמינירט געוואָרען 60 קאַנדידאַטען.

פר. גאָלדינג באריכטעט, אַז פריינדע זאַלצמאַן, עפּשטיין און ער זיינען געווען פאַרטראָטען ביי דער קאָנפערענץ, דעם 23טען פעברואַר, צו נאָמינירען קאַנדידאַטען צו דער קאָנווענשאַן. פר. עפּשטיין האָט די קאָנפערענץ ערעפענט. אַ קאָמיטע פון די ברוקלינער ברענטשעס האָט געמאַכט אַן אָנפראַגע, ווארום מען האָט פאַר זיי ניט באַוויליגט קיין באזונדערע טעריטאָריעלע קאָנפערענץ צו ערוועהלען דעלעגאַטען

צום קאָנווענשאַן. פריינד עפשטיין האָט זיי געענטפערט, אַז לויט קאָנסטיטושאַן האָט די עקזעקוטיוו דאָס רעכט צו באַשטימען די טעריטאָריעלע קאָנפערענצען, ווי זי געפינט פאַר פּאַסענד, און אַזוי־ווי האַרלעם און בראָנקס זיינען קיין באַזונדערע טעריטאָריעלע קאָנפערענצען ניט געגעבען געוואָרען, האָט מען מיט די ברוקלינער בראַנטשעס קוין אויסנאַהם ניט געקענט מאַכען. אויסער דעם האָט פריינד עפשטיין אָנגעדייטעט, אַז די ברוקלינער בראַנטשעס סטאַרען זיך פאַר דער עפענטליכקייט צו מאַכען דעם איינדרוק, דאָס אַ קאָנווענשאַן האָט באַשטימט פאַר זיי אַ טעריטאָריעלע קאָנפערענץ, ווען אין דער ווירקליכקייט איז אין קיין קאָנווענשאַן פּראָטאָקאָל ניטאָ אַזאַ באַשלוס, און אַזעלכע מיטלען אָנצואווענדען איז זעהר ניט שעהן. די קאָנפערענץ האָט באַשטימט גוטצוהייסען די האַנדלונג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו. — באריכט ווערט גוטגעהייסען.

* * *

עס ווערט געמאָלדען, אַז פריינד צוקער, מעמבער פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע, איז קראַנק. באַשלאָסען שיקען צו איהם אַ קאָמיטע מיט אַ בוקעט בלומען.

## צושריפטען

פון נאַציאָנאַלען אָפיס פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי — בעטען צו ערוועהלען אַ פאָרטרעטער אין דער „אימידיאייט עקשאַן קאָמיטע", וועלכע וועט דאַרפען אָרגאַניזירען די קאָנווענשאַן וועגען אַמנעסטיע, וואָס ווערט פאַררופען פאַר'ן 1טען מאַי אין שיקאַגאָ. — ערוועהלט פריינד ל. בענענסאָן, דירעקטאָר פון אילינאָי.

פון בר. 150 — רעקאָמענדירען, אַז די עקזעקוטיוו זאָל אין נאָמען פון אַ. ר. אויסדריקען אַ פּראָטעסט געגען דער אַרויסשיקונג פון לאַנד די 51 אַרבייטער, וואָס ווערען געהאַלטען אויף עליס איילענד. — באַשלאָסען אָננעהמען זייער רעקאָמענדיישאַן.

פון בר. 331 — לאַדען איין אַ פאַרטרעטער צו זייער באַנקעט און באַל, חנוכה, זונטאָג, דעם 2טען מערץ. — באַשלאָסען זיי שיקען אַ באַגריסונגס־טעלעגראַמע, ווייל צוליעב דעם מיטינג פון דער עקזעקוטיוו איז אונמעגליך צו שיקען אַ פאַרטרעטער.

פון אַ. ליעסין יובילעאום קאָמיטע — לאַדען איין צו שיקען אַ פאַרטרעטער, וועלכער זאָל אַדרעסירען די פאַרזאַמלונג אין קאַרנעגיע האָל, זונטאָג אבענד, דעם 16טען מערץ. זיי בעטען אויך, אַז די עקזעקוטיוו זאָל זיין פאַרטראָטען — שיקען צו אַ באַזונדערע איינלאַדונג צום באַנקעט, וואָס ווערט אַראַנזשירט לכבוד ליעסין'ס 25 יעהריגע ליטעראַרישע טעטיגקייט. — עס ווערט באַשלאָסען, אַז די גאַנצע עקזעקוטיוו זאָל זיין פאַרטראָטען אין קאַרנעגיע האָל. אַלס באַגריסער צום יובילעאום ווערט ערוועהלט פריינד באַסקין. אַלס פאַרטרעטער צום באַנקעט ערוועהלט פריינדע א. אַדלער, ל. ראָטהמאַן און י. באַסקין. באַשלאָסען צו שיקען אַ באַנקעט בלומען צו אַ. ליעסין'ס יובילעאום.

פון בר. 4 — שיקען צו אַ ליסט מיט נעמען, וועלכע זיינען נאָמינירט געוואָרען אַלס קאַנדידאַטען צו דער קאָנווענשאַן ביי אַ קאָנפערענץ, וואָס איינינע ברוקלינער בראַנטשעס האָבען אַליין צוזאַמענגערופען. — באַשלאָסען דעם צושריפט צו טייבלען.

פון בר. 265, פילאַדעלפיא — לאַדען איין אַ פאַרטרעטער צו זייער 10טען יעהרליכען יובילעאום, אַראַנזשירט פאַר'ן 22טען מערץ. — באַשלאָסען אָננעהמען די איינלאַדונג. ערוועהלט פר. דייווידאָף.

פון בר. 320, אָלבאַני — בעטען צו שיקען אַ פאַרטרעטער צו זייער 15טען יעהרליכען יובילעאום, וואָס וועט געפייערט ווערען דעם 16טען מערץ. — ערוועהלט פר. גאָלדבערג.

פון בר. 289 — לאַדען איין צו שיקען אַ פאַרטרעטער צו זייער 10טען יעהרליכען יובילעאום, דעם 16טען מערץ. — ערוועהלט פריינד אב. עפשטיין.

פון דער נייטשאַנאַל באָארד אוו דירעקטאָרען — לאָזען וויסען, אַז אַלס דעלעגאַט צו דער קאָנווענשאַן איז ערוועהלט געוואָרען פריינד מ. י. אַשפיז, דירעקטאָר פון ניו יאָרק. זיי מעלדען אויך, אַז דער אַפּיל פון בר. 80 אין באַצוג דער געשטראָכענער מעמבערין נעטי באָרנשטיין וועט פון זייער גריוועַנס קאָמיטע אויפגענומען ווערען היינט, דעם 2טען מערץ, אום 10.30 אוהר פריה. — די אָפיס קאָמיטע וועלכע האָט אין דער קייס געהאַנדעלט, ווערט געבעטען צו זיין דאָרט פאַרטראָטען.

פון בר. 268, יאָנקערס — בעטען צו שיקען אַ פאַרטרעטער צו זייער 10 יעהריגען יובילעאום, וואָס וועט געפייערט ווערען דורך אַ באַנקעט און מאַס־מיטינג, דעם 23טען מערץ. — ערוועהלט פר. יודיטש.

אַלס פאַרטרעטער צו בר. ת27, פּאַסייאיק, וועלכע האָבען צוגעשיקט זייער איינלאַדונג לעצטען מאָנאַט פאַר'ן 30טען מערץ, ווערט ערוועהלט פריינד פערלשטיין.

---

פריינד סילווערמאַן באַריכטעט, אַז ער איז געוועזען ביי'ם קאָנצערט פון בר. 53 און גערעדט וועגען רעליעף און מעמבערשיפּ קאַמפּיין. דער בראַנטש וועט זיכער טון גוטע אַרבייט פאַר דיזע ביידע קאַמפּיינס. — צו זייער באַנקעט האָט ער ניט געהאַט קיין מעגליכקייט צו זיין. — דער באריכט ווערט גוטגעהייסען.

## קאָמיטעס

פון אַ. ר. אָרקעסטער, בר. 516 — לאַדען איין די עקזעקוטיוו צו דער ערעפנונג פון דער אַ. ר. מוזיק סקול, דעם 29טען מערץ. — ערוועהלט פריינד מאַראַט.

פון בר. 511 — בעטען שיקען אַ פאַרטרעטער צו זייער טשאַרטער־פּעסט, דעם 15טען מערץ. — ערוועהלט פריינד פערלשטיין.

פון דער „ניו יאָרק קאָל" — גענאָסע ווילקאַקס און גענאָסין מאַלקיעל ערקלערען, אַז די סאָציאַליסטישע באַוועגונג און די סאָציאַליסטישע פּרעסע האָט גלענצענדע אויסזיכטען אין דער נאָהענטער צוקונפט; אַז די „קאָל", אונטער די יעצטיגע אומשטענדען, מוז האָבען אַן אייגענע פּרינטינג. זיי דייטען אָן, אַז די „קאָל" איז דער איינציגער מיטעל, דורך וועלכען עס ווערען געבראַכט צום ענגליש־לעזענדען פּובליקום די פראַגען וואָס קומען פאַר אין קאַמף צווישען קאַפּיטאַל און אַרבייט; אַז ווען ניט די „קאָל", וואָלטען אַלע ענגלישע צייטונגען פאַרשוויגען יעדען סטרייק און יעדע וויכטיגע ערשיינונג אין דער אַרבייטער און פּאָליטישער באַוועגונג. אום צו האָבען אַן אייגענע פּרינטינג איז נויטיג 100 טויזענד דאָלאַר. זיי בעטען, אַז די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו זאָל העלפען דער „קאָל" אין דער אַרבייט.

פר. גערשאָנאָף פרעגט צי די „קאָל" ווערט קאָנטראָלירט פון איינצעלנע סאָציאַליסטען אָדער פון דער פּאַרטיי.

די קאָמ. ענטפערט, אַז די באָארד אוו מענעדזש. וועט באַשטעהן פון איינצעלנע מיטגליעדער פון דער פּאַרטיי און פון דירעקטע פאַרטרעטער פון דער פּאַרטיי.

פר. וואָלאָס פרעגט, וואָס ס'וועט זיין מיט די באָנדס, וואָס די „קאָל" האָט פאַרקויפט צו אַ. ר. בראַנטשעס מיט עטליכע יאָהר צוריק.

די קאָמיטע ענטפערט, אַז די „קאָל" וועט פאַר יענע באָנדס זיין פאַראַנטוואָרטליך.

עס ווערט באַשלאָסען צו ווענדען זיך מיט אַ צושריפט צו די בראַנטשעס, אַז זיי זאָלען העלפען די „קאָל".

פון בר. 172 — בעטען אַ פאַרטרעטער צו זייער 11טען יעהרליכען יובילעאום, דעם 15טען מערץ. — ערוועהלט פר. וואָלאָווין.

## ראַפּאָרט פון קאָנווענשאַן קאָמיטע

פריינד וואָלאָס, סעק. פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז די דעטראָיט קאָנווענשאַן קאָמיטע אַטענדעט צו דער אַרבייט און מאַכט אַלע נויטיגע אַרענדזשמענטס פאַר דער קומענדער קאָנווענשאַן. די קאָנווענשאַן קאָמיטע פון דער עקזעקוטיוו שטעהט מיט זיי אין פאַרבינדונג. — דער באריכט ווערט גוטגעהייסען.

## סעקרעטער'ר ראַפּאָרט

פריינד באַסקין, דזשענעראַל סעקרעטער, ערקלערט, אַז לויט אָנגענומענע טאַבעלען, וואָלט די שטערבליכקייט אין אונזער אָרגאַניזאַציאָן געדאַרפט זיין אַרום 6 פּער טויזענד. דער אַ. ר. פלעגט אין דורכשניט האָבען טויטען־פעלע בלויז אַרום דריי פּער טויזענד. לעצטען יאָהר אָבער, צוליעב דער עפּידעמיע, איז די שטערבליכקייט געשטיגען צו זיעבען פּער טויזענד.

ער באַריכטעט, אַז די צאָהל אומגעקעהרטע סאָלדאַטען פון דער אַרמעע איז דערווייל אַ קליינע, לויט די רעפּאָרטס אין דזשענ. אָפיס.

ער דייטעט אָן, אַז דער קאָנווענשאַן פאָנד האָט אַ קליינעם סורפּלוס.

דאָס פאַרמעגען פון אַ. ר., אַריינרעכענענדיג אַלע אַסעטס, באַטרעפט $1,006,927.

פאַר דעם רעליעף פאָנד איז יעצט פאַראַן אין אָפיס $11,846.00.

בר. 313 פון פּאָרטסמוטה, ווירדזשיניא, האָט געשאַפען $1,041.00 דאָלאַר פאַר'ן רעליעף.

ס'איז קיין ספק ניט, אַז די 25 טויזענד דאָלאַר, וואָס דער אַ. ר. האָט זיך פאַרפליכטעט צו קריגען, וועלען זיכער געשאַפען ווערען.

אונזער מעמבערשיפּ איז יעצט 69,136.

ער האָט אָנגעפרעגט ביי'ם פּאָלים קאָמישאָנער, אויב אונזערע בראַנטשעס מעגען זיך באַנוצען מיט זייערע רויטע פלעגס, ווען זיי האָבען אונטערנעהמונגען. דער פּאָלים קאָמישאָנער האָט געענטפערט, אַז דער פּאָלים דעפּאַרטמענט קען ניט געבען קיין אויסטייטשונג אויף דעם געזעץ און געראַטען צו ווענדען זיך וועגען דעם צום קאָרפּאָריישאַן קאונסיל און שיקען איהם אַ בילד פון איינינע פון אונזערע פלעגס.

די וועליוּאיישאַן רעפּאָרטס זיינען שוין פאַרטיג און אַרויסגעשיקט געוואָרען צו די אינשורענס קאָמישאָנערס פון פאַרשיעדענע סטייטס.

ער בעט, אַז אַלע דעפּאַרטמענט קאָמיטעס זאָלען זיך גלייך נעהמען צוגרייטען זייערע קאָנווענשאַן רעפּאָרטס.

ער מאַכט אויסמערקזאַם, אַז מען דאַרף ערוועהלען אַ קאָמיטע צו צעהלען די באַלאָטס פאַר דעלעגאַטען צום קאָנווענשאַן.

באריכט ווערט גוטגעהייסען.

---

אַלס קאָמיטע צו צעהלען די ניו־יאָרקער באַלאָטס פאַר דעלעגאַטען צום קאָנווענשאַן ווערען ערוועהלט פריינדע גוסקין און ווייגשטיין.

אַלס קאָמיטע צו צעהלען די באַלאָטס פאַר דעלעגאַטען אויסער ניו־יאָרק ווערען ערוועהלט פריינדע ל. ראָטהמאַן און דזש. ראָטהמאַן.

## רעפּאָרט פון דער בענעפיט קאָמיטע

פריינד ל. ראָטהמאַן, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז אַ געוויסער בראַנטש האָט אָנגעפרעגט צי מען וועט זיי ערלויבען אַז די קראַנקע מעמבערס פון בראַנטש זאָלען באַזוכט ווערען פון אַ סטענדינג קאָמיטע, באַשטעהענד פון פינאַנס סעקרעטער, רעקאָרדינג סעקרעטער און האָספּיטעלער, ווייל עס איז פאַר זיי שווער צו קריגען קאָמיטעס צו אַטענדען. די בענעפיט קאָמיטע האָט געענטפערט, אַז מען וועט דאָס פאַר זיי באַווילינען אַלס אַן אויסנאַהמס־פאַל, נאָר אנשטאָט דעם פינאַנס סעקרעטער זאָלען זיי אויף זיין פּלאַץ ערוועהלען אַ 3טען מעמבער, ווייל עס איז ניט ראַטזאַם, אַז די זעלבע פּערזאָן וואָס דאַרף אויסצאָהלען די בענעפיט זאָל אַליין דאַרפען די בענעפיט באַשטעטיגען.

אין אַ געוויסען ברענטש אין ניו יאָרק איז אַ ממעברין קראַנק געוואָרען, און דער ברענטש האָט איהר אויסגעצאָהלט פאַר עטליכע וואָכען בענעפיט. ווען זיי האָבען אָבער צוגעשיקט די סערטיפיקייטס אין אָפיס, האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז זי האָט געליטען פון אַ פרויען־קראַנקהייט, און לויט די רעקאָמענדיישאַן פון אונזער מעדיקאל אד־וויזערי באָארד, און פון דעם דאָקטאָר ספּעציאַליסט, מיט וועלכען דער אַ. ר. באראַט־זיך אין אַזעלכע פעלע, איז באשטימט געוואָרען די בע־נעפיט ניט אויסצוצאָהלען.

אַ ברענטש אין נואַרק האָט זיך געווענדעט מיט פאָלגענדער פראַגע: זייער דאָקטאָר האָט ניט אַטענדעט צו די קראַנקע מעמבערס אין דער צייט פון דער עפּידעמיע. זיי האָבען דארום געוואָלט וויסען צי זיי מעגען אַרונטעררעכענען פון דעם דאָקטאָר'ס קוואַרטאל דיוס פאַר די דאָקטאָר בילס, פאַר די יעניגע מעמבערס וואָס זיינען פון איהם ניט אַטענדעט געוואָרען. די בענעפיט קאָמיטע האָט געראַטען דעם ברענטש אַליין צו שליכטען די אנגעלעגענהייט מיט'ן דאָקטאָר.

אַ מעמבער עט לאַרדזש האָט זיך געווענדעט, אַז ער איז געווען קראַנק אין אַ האָספּיטאל אין 1917, און דאמאָלס ניט פאַרלאַנגט קיין בענעפיט, אַזוי ווי ער געפינט זיך יעצט אין אַ געדריקטען צושטאַנד, האָט ער געבעטען אַז מען זאָל איהם אויסצאָהלען יענע בענעפיט. דעם באטרעפענדענס רעקאָרד צייגט, אַז ער האָט געקראָגען פאַר דעם 1טען, 2טען און 3טען יאָהר קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט. די בענעפיט קאָמיטע האָט איהם געענטפערט, דאָס אַזוי ווי ער האָט זיך דאמאָלס ניט גע־מאָלדען, קען ליידער קיין בענעפיט נאָך אַזאַ לאַנגער צייט, לויט אונ־זער קאָנסטיטושאָן, ניט אויסגעצאָהלט ווערען.

פריינד ראָטהמאַן גיט איבער, דאָס זיי האָבען אויסגעפונען אַז אַ געוויסער דאָקטאָן, געלבער האָט אונטערזוכט אַ צאָהל נייע קאַנדי־דאַטען ניט קוקענדיג דארויף, וואָס ער איז קיינמאָל ניט אַפּאָינטעט געוואָרען אַלס דיסטריקט עקזאמינער. אַ שטרענגער בריעף איז גלייך געשיקט געוואָרען צו דעם דאָקטאָר, אָנפרעגענדיג איהם ווי עס קומט וואָס ער האָט זיך גענומען די פרייהייט צו אונטערזובען אונזערע קאַנדידאַטען, ניט האָבענדיג אונזער ערלויבניש און נוט אָנפרעגענדיג קיינעם איבער דעם.

בר. 279 האָט פאַרלאַנגט מען זאָל אויסצאָהלען טויטען־בענעפיט פאַר זייערען אַ מעמבער. דער רעקאָרד פון דעם פאַרשטאָרבענעם איז ווי פאָלגט: ער איז געוואָרען אַ מיטגליעד אין אַ. ר. אין 1904, ער האָט געקראָגען איניגע וואָכען בענעפיט פאַר פאַרשיעדענע קראַנקהיי־טען, נאָריפון דעם 8טען אָקטאָבער 1918 איז צו איהם אויסגעצאָהלט געוואָרען פאַר 9 וואָכען בענעפיט, דער דאָקטאָר האָט אויף די סער־טיפיקייטס באצייכענט די קראַנקהייט אַלס „העמערידזש אָוו לאָנגס". דעם 9טען יאַנואַר 1919 איז ער געשטאָרבען. דער באטרעפענדער איז אָבער קיינמאָל ניט אונטערזוכט געוואָרען פון אונזערען אַ דאָקטאָר, פעסטצושטעלען אויב ער האָט געליטען פון קאָנסאָמפּשאָן, אויך האָט ער קיינמאָל ניט צוגעשיקט אין אָפיס דעם אַפּליקיישאָן פאַר קאָנ־סאָמפּשאָן בענעפיט. די בענעפיט קאָמיטע האָט באשלאָסען צוריקצו־וויזען דעם פאַרלאַנג פון ברענטש איבער די קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט.

די נאַציאָנאַלע באָארד אוו דירעקטאָרען האָט געבעטען צו האַנדלען נאָך אַמאָל אין דער קייס ווענען דער בענעפיט פון אַ געוויסער מעמ־בערין פון בר. 181. די בענעפיט קאָמיטע האָט נאָכאַמאָל אונטער־זוכט די גאַנצע אנגעלעגענהייט און געקומען צום שלוס, אַז זי האָט ניט קיין נייע גרינדע צו ענדערען איהר באשלוס, און עס איז באַ־שטימט געוואָרען צו בלייבען ביי'ם אַלטען באשלוס, אַז די בענעפיט קען ניט אויסגעצאָהלט ווערען.

עקזאַמינייישאָנס פאַר נייע קאַנדידאַטען ווערען שוין דורכגע־פיהרט אין האַרלעם יעדען מיטוואָך אבענד, און אין בראָנזוויל יעדען דאָנערשטאג אבענד.

עס ווערט באשלאָסען צו בעאויפטראַגען דעם אָפיס צו שרייבען צו אַלע ברענטשעס, אַז נייע קאַנדידאַטען זאָלען אונטערזוכט ווערען פון אונזערע מעדיקאל עקזאמינערס.

## רעפּאָרט פון דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע

פריינד דינערשטיין, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באריכטעט, אַז די אַרבייט פון דעם בעמבערשיפּ קאמפּיין ווערט אָנגעפיהרט ערפאָלג־רייך פון כמעט אַלע סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס.

די דעטראָיט דיסטריקט קאָמיטע פיהרט אַ באזונדערס לעבעדיגען קאמפּיין פאַר נייע מעמבערס און זיי ערוואַרטען צו האָבען ביז'ן קאָנווענשאָן 2 טויזענד מיטגליעדער.

די נואַרק דיסטריקט קאָמיטע איז זעהר טעטיג אין דעם קאמפּיין פאַר דעם רעליעף. די ממעמבערס פון זייער דיסטריקט האָבען זיך גע־טעקסט צו 50 סענט יעדער פאַר דעם רעליעף פאָנד. די דיסטריקט קאָ־מיטע האָט זיך פאַרפליכטעט צו שאַפען ניט ווענינגער ווי 25 הונדערט דאָלאר פאַר דעם פאָנד.

אין טאקאָמא, וואש., איז געגרינדעט געוואָרען אַ נייער ברענטש מיט 24 מיטגליעדער. דער ברענטש פון סיאַטעל האָט זיי אָרגאַניזירט.

די ניו הייווען דיסטריקט קאָמיטע האָט אָנגעפרעגט צי מען וועט זיי ערלויבען צו גרינדען אַ נייעם ברענטש פון קאַנדידאַטען וואָס ווילען באלאַנגען צום אַרבייטער רינג, נאָר ווילען זיך ניט אָנשליסען אָן די עקזיסטירענדע ברענטשעס. עס איז זיי ערלויבט געוואָרען צו גרינדען אַ נייעם ברענטש.

איניגע דיסטריקט קאָמיטעס האָבען אָנגעפאַנגען צו פאַררופען זייערע האַלב־יעהרליכע קאָנפערענצען. בר. 360, קענזאס סיטי, האָט, ווי באוואוסט, פאַרלאַנגט מען זאָל שיקען אַ פאַרטרעטער צו זייער יובילעאום. די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציאָנס־קאָמיטע האָט זיי געענט־פערט, אַז אונזער די אומשטענדען וועט אונמעגליך זיין צו שיקען

אימיצען צו זייער יום־טוב. זיי האָבען נאכהער אויסגעדריקט זייער אונצופריעדענהייט, וואָרום מען האָט ענטזאַגט זייער פאַרלאַנג.

פריינד זאַלצמאַן האָט באזוכט איניגע שטעדט אין מעין סטייט, וואו עס זיינען אַראַנזשירט געוואָרען מיטינגען אין פאַרבינדונג מיט דעם טשאַרטער־פעסט. זונטאג בייטאָג, דעם 26טען יאַנואַר, איז ער געווען אין לואיסטאָן. ער האָט דאָרט אַדרעסירט אַ גרויסען מאַסען־פאַרזאַמלונג, און נאכהער האָט ער אויך געהאַט אַ מיטינג מיט'ן ברענטש. זיי האָבען באשלאָסען צו אַראַנזשירען אַ טעאַטער פאָר־שטעלונג און דעם פּראָפיט איבערגעבען צו דעם 25 טויזענד דאָלאר פאָנד. זונטאג אבענד, דעם 26טען יאַנואַר, איז ער געווען אין פּאָרט־לאנד און אַדרעסירט אַ גרויסען מיטינג. דאָס איז געווען אַ מאַסען־יום־טוב און דער עולם איז געווען העכסט צופריעדען. מאָנטאג איז ער געווען אין בענגאָר און אַדרעסירט דאָרט אַ פאַרזאַמלונג. די שטע־לונג ביי דעם מיטינג איז געווען זעהר אַ באגייסטערטע. פאַר אויפ־הענגען דעם טשאַרטער האָט מען באצאָהלט 30 דאלאר, וועלכע איז איבערגעגעבען געוואָרען צו דעם 25 טויזענד דאָלאר פאָנד. זונטאג אבענד איז ער געווען אין וואָטערוויל. דער מיטינג איז דאָרט אָפּ־געהאַלטען געוואָרען אין אַ פּראַכטפולען האָל. פריינד זאַלצמאַן האָט גערעדט וועגען אַרבייטער רינג און וועגען רעליעף. די אנוועזענדע האָבען אויסגעדריקט צופריעדענהייט וואָס מען האָט צו זיי געשיקט אַ פאַרטרעטער.

די ניו יאָרק סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע טוט זעהר גוטע אַר־בייט אין דעם מעמבערשיפּ קאמפּיין. זיי האָבען לעצטענס אינסטאָ־לירט אַ ברענטש פון ראָזשאנער לאַנדסלייט. זיי האַלטען אויך אין גרינדען אַ ברענטש מיט'ן נאָמען „קאַרל ליעבקנעכט און ראָזא לוק־סעמבורג". אַרענדזשמענטס ווערען פון זיי אויך געמאַכט צו גרינדען אַ ברענטש פון די טלומאַטשאָווער יאַנג מענס. די ניו יאָרק סיטי קאָמיטע שטעהט אין פאַרבינדונג מיט איניגע סאָסייעטיס, וועמען זי גיט אינפאָרמאַציאָנען וועגען אָנשליסען זיך אַלס מעמבערס פון אַ. ר. לעצטענס האָט זיך אויך געווענדעט לאָקאל 43 פון די אמאלגאמייטעד, אַז מען זאָל זיי געבען אינפאָרמיישאן וועגען אַ. ר., און אַז זיי ווילען זיך אָנשליסען אַלס אַ ברענטש. ביי דער ניו יאָרק אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע איז אויפגעהויבען געוואָרען די פראַגע צי מען זאָל פאָרט־זעצען צו געבען פּרעזענטען אין דעם מעמבערשיפּ קאמפּיין. עס איז באשטימט געוואָרען דעם קאמפּיין אָנצוהאַלטען ווי ביז יעצט.

די פילאדעלפיא דיסטריקט קאָמיטע האָט לעצטענס אינסטאָלירט אַ נייעם ברענטש.

אַ נייער ברענטש איז אויך געגרינדעט געוואָרען אין סטובענוויל, אָהייאָ.

די קליוולאנד דיסטריקט קאָמיטע האָט געשריבען, אַז זיי האָל־טען אין גרינדען אַ ברענטש אין לאָרעין, אָהייאָ.

די מאָנטרעאל דיסטריקט קאָמיטע האָט געמאָלדען, אַז זיי שטעהען אין פאַרבינדונג מיט איניגע סאָסייעטיס, וועלכע האָבען עטליכע טוי־זענד מיטגליעדער, וועלכע ווילען זיך אָנשליסען אָן אַרבייטער רינג. זיי האָבען דארום געבעטען, אַז מען זאָל צו זיי שיקען אַ פאַרטרעטער, וועלכער וועט אויך זיין ביי זייער יובילעאום דעם 9טען מערץ. עס איז באשלאָסען געוואָרען זייער פאַרלאַנג צו באוויליגען. פריינד וואָלאָס איז ערוועהלט געוואָרען צו זיין דאָרט פאַרטראָטען.

עס איז באשלאָסען געוואָרען צו האָבען אין „פאָרווערטס" פאַר די נעקסטע 4 וואָכען די זעלבע אַדווערטייזמענט (2 קאָלומס אַ וואָך).

די מילוואָקי דיסטריקט קאָמיטע האָט מיטגעטיילט, אַז די ברענ־טשעס פון שעבאָגען און מעדיסאָן האָבען קאָלעקטירט צו 40 דאלאר יעדער פאַר'ן רעליעף פאָנד. די דיסטריקט קאָמיטע האָט זיך פאַר־פליכטעט צו שאַפען 1000 דאלאר פאַר דעם 25 טויזענד דאָלאר פאָנד, און זיי פיהרען אויך אָן אַ קאמפּיין פאַר נייע מעמבערס.

אין אַ געוויסען ברענטש פון טעקסעס זיינען פאָרגעקומען רייסע־רייען צווישען דעם סאָציאַליסטישען און נאַציאָנאַליסטישען עלע־מענט. אויף דער רעקאָמענדיישאן פון דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַ־ציאָנס קאָמיטע איז דער סעקרעטער פון דער טעקסאס דיסטריקט קאָ־מיטע אַהין געפאָהרען, און ווי עס זעהט אויס איז איהם גע־לונגען די מיספאַרשטענדניס צווישען דיביידע לעמענטען צו שליכטען.

אין פּעטערסאָן, נ. דזש., זיינען פאַר די לעצטע עטליכע יאָהרען אויסגעוואַקסען קאָרפּאָריישאן שעפּער, געגרינדעט פון אַרבייטער רינג מעמבערסכ. אין דיעזע שעפּער אַרבייטען די באָסעס אויף 3 וועב־שטולען, אין דער צייט ווען אין אַלע אַנדערע שעפּער אַרבייט מען בלויז אויף 2 שטולען, ווי דאָס איז די פאָדערונג פון אַלע דאָרטיגע יוניאָנס. צוליעב דעם קומען פאַר רייסערייען צווישען די אַרבייטער רינג מעמ־בערס, וועלכע זיינען אַרבייטער, און די יעניגע, וועלכע זיינען באָסעס פון די קאָרפּאָריישאן שעפּער.

פריינד גערשאָנאָף און ער (דינערשטיין) זיינען געווען אין פּע־טערסאָן און אויסגעהערט די טענות פון די מעמבערס, ביי אַ מיטינג, וואו עס זיינען אויך געווען אנוועזענד פאַרטרעטער פון די יוניאָנס. עס ציינט זיך אַרויס, אַז די יוניאָנס פון די אמעריקאן פעדעריישאן אוו לייבאָר און די י. וו. וו. (איי דאָבעליו דאָבעליו) האָבען אַ פּונקט אין זייער קאָנסטיטושאָן, אַז קיינער קען ניט אַרבייטען מעהר ווי אויף 2 וועב־שטולען. דער אָרטיגער אידישער ברענטש ס. פּ. האָט אַ באשלוס, אַז ווער עס אַרבייט מעהר ווי אויף 2 וועב־שטולען, זאָל אויס־געשלאָסען ווערען פון ברענטש. די מיטגליעדער פון אַרבייטער רינג, וועלכע זיינען אַרבייטער, זיינען זעהר ערביטערט געגען די קאָרפּאָ־ריישאן באָסעס, ווייל צוליעב דיעזער סיסטעם פון דער אַרבייט ווערט אַוועקגענומען אַ דריטעל באשעפטיגונג פון די אַרבייטער. מאַנכע פּע־טערסאָן ברענטשעס האָבען אַ באשלוס, אַז יעדער אַרבייטער רינג מעמ־

בער, וועלכער איז אַ קאָרפּאָרײשאַן באָס, זאָל באַשטראָפט ווערען. דאָס ערשטע מאָל מיט 25 דאָלאַר, אויב ער אַרבייט ווידער אויף 3 וועבּשטולען, דאָס צווייטע מאָל מיט 50 דאָלאַר, דאָס דריטע מאָל מיט 99 דאָלאַר. די פראַגע וועגען אַרבייטען אויף 2 וועבּ־שטולען איז פאַר פעטערסאָן אַ פּראָבלעם פאַר די לעצטע עטליכע יאָהר. נאָר יעצט איז די פראַגע מעהר פאַרשאַרפט געוואָרען, און די מעמבערס אַרבייטער זיינען שרעקליך אויפגערעגט אויף די קאָרפּאָרײשאַן באָסעס. די אַ. ר. מיטגליעדער זיינען מיט דער מיינונג, אַז די סיסטעם פון 3 וועבּ־שטולען איז פשוט שעדליך פאַר די אַרבייטס־באַדינגונגען פון אַלע איבריגע שעפּער.

אַ קאָמיטע פון ביידע צדדים איז אויך אַרויסגערופען געוואָרען צום מיטינג פון דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציאָנס־קאָמיטע. די פאַרטרעטער פון די קאָרפּאָרײשאַן באָסעס האָבען גע'טענה'ט, אַז אין פעטערסאָן זיינען פאַראַן פיעלע שעפּער וואו אַרבייטער אַרבייטען נאָך אויף 3 און 4 וועבּ־שטולען; אַז די אָרטיגע יוניאָנס האָבען נאָך דערווייל ניט אָנגענומען קיין שטרענגע מיטלען ווי אָפּצושאַפען די 3 וועבּ־שטולען סיסטעם אין אַלע שעפּער. זייער טענה איז געווען, אַז קיין יוניאָן און קיין אַרבייטער־אָרגאַניזאַציאָן קען ניט מאַכען קיין רולס פאַר באָסעס אַליין ווי אַזוי און ווען זיי זאָלען אַרבייטען. אַז די רולס פון די יוניאָנס זיינען גילטיג בלויז פאַר די אַרבייטער, אָבער ניט פאַר די באָסעס אַליין. זיי האָבען אָנגעדייטעט, אַז די מעהרסטע קאָרפּאָרײשאַן באָסעס זיינען געווען די טעטיגסטע מעמבערס אין די יוניאָנס און אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, און צוליעב זייער אַקטיווער טעטיגקייט אין דער אַרבייטער־באַוועגונג זיינען זיי אימער פון די באָסעס גע'רודפ'ט געוואָרען און זיינען דאַרום געצוואונגען צו עפענען קאָרפּאָרײשאַן שעפּער.

די פאַרטרעטער פון די קאָרפּאָרײשאַן באָסעס האָבען אויך איבערגעגעבען, אַז אין די יעניגע קאָרפּאָרײשאַן שעפּער, וואו עס ווערען באַשעפטיגט אַרבייטער, אַרבייטען די אַרבייטער בלויז אויף 2 וועבּ־שטולען.

די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע איז אין פּרינציפּ געגען דער 3 וועבּ־שטול סיסטעם, און האָבען דאַרום באַשלאָסען ברענגען די גאַנצע פראַגע צו דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע.

* * *

די פראַגע וועגען דער פעטערסאָן אַנגעלעגענהייט רופט אַרויס אַ לאַנגע דעבאַטע, אין וועלכער עס באַטייליגען זיך כמעט אַלע מעמבערס פון דער עקזעקוטיוו. עס ווערט נאָכהער אָנגענומען פאָלגענדע רעזאָלוציאָן:

„די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו קאָמיטע פון אַרבייטער רינג באַשליסט אויפצופאָדערן אַלע אַרבייטער רינג מעמבערס אין פעטערסאָן, וועלכע זיינען וועבער בײ'ם טרייד, — אָהן אונטערשייד צו זיי אַרבייטען פאַר יענעם אָדער פאַר זיך אַליין, — נאָכצוקומען אַלע באַשלוסען און רעגולײשאַנס פון די פעטערסאָנער וועבער יוניאָנס.“

* * *

דער רעפּאָרט פון דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

---

פריינד עפּשטיין ערקלערט, אַז פאַרטרעטער פון די ברוקלינער ברענטשעס האָבען זיך געווענדעט צו פר. באַסקין און איהם געבעטען, אַז מען זאָל רופען אַ ספּעשעל מיטינג פון דער עקזעקוטיוו צו פאַרהאַנדלען די פראַגען וועגען אַ ספּעציעלער ברוקלין טעריטאָריעלער קאָנפערענץ צו ערוועהלען דעלעגאַטען צום קאָנווענשאַן. אַזאַ ספּעציעלער מיטינג איז ניט גערופען געוואָרען, ווייל פיעלע עקזעקוטיוו מעמבערס האָבען ערקלערט, אַז זיי האָבען ניט געענדערט זייער מיינונג וועגען דער פראַגע.

פריינד עפּשטיין גיט צו, אַז די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט געבעטען, אַז מען זאָל זיי העלפען שאַפען אַ פאָנד פאַר דער באַפרייאונג פון די פּאָליטישע פאַראורטיילטע אָדער באַשולדיגטע.

עס ווערט באַשלאָסען צו געבען דורך דער פּרעסע אַן ענטפער צו די ברוקלינער ברענטשעס אין באַצוג זייער פאַרלאַנג וועגען אַ באַזונדערע טעריטאָריעלע קאָנפערענץ.

פר. ווײנבערג ערקלערט, אַז ס'ייעט פאַר איהם אונמעגליך זיין אָוועקצופאָהרען אויף אַ שבת אין באָסטאָן זיך דורכצורעדען מיט דער באָארד און דירעקטאָרס פון לייבאָר ליצעאַ און ער בעט צו ערוועהלען אַ צווייטען אויף זיין פּלאַץ. — ערוועהלט פריינד גוסקין.

* * *

עס ווערט באַשטימט צו האָבען אַ פאָרטזעצונג פון דעם מיטינג מאָנטאָג אבענד, דעם 10טען מערץ.

---

אַ פאָרטזעצונג פון דעם מאָנאַטליכען מיטינג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע ווערט אָפּגעהאַלטען מאָנטאָג אבענד, דעם 10טען מערץ, מיט פריינד אב. עפּשטיין אַלס טשערמאַן.

### צושריפטען

פון בר. 142, פילאַדעלפיא — לאַדען איין אַ פאַרטרעטער צו זייער 11טען יעהרליכען יובילעאום, וואָס וועט געפייערט ווערען דעם 23טען מערץ. — ערוועהלט פריינד דייווידאָף.

פון בר. 72, ניו יאָרק — בעטען צו שיקען צוויי פאַרטרעטער צו זייער יובילעאום, דעם 16טען מערץ. — ערוועהלט פריינד פערעלשטיין און באַשלאָסען בעטען די סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע צו שיקען איין פאַרטרעטער.

### קאָמיטעס

פון בר. 62, פּאַסייאיק, נ. דזש. — בעטען צו שיקען צוויי פאַרטרעטער צו זייער יובילעאום, דעם 23טען ד. מ. זיי שרייבען, אַז זיי וועלען דעם סיום־טוב זייערע אויסניצען פאַר'ן מעמבערשיפּ קאַמפּיין. — ערוועהלט פריינד עפּשטיין.

פון בר. 481 — לאַדען איין צוויי פאַרטרעטער צו זייער באַנקעט, דעם 15טען מערץ. — ערוועהלט פריינד זאַלצמאַן און באַשטימט בעטען די ניו יאָרק סיטי אָרג. קאָמיטע צו שיקען אַ פאַרטרעטער פון זייער קאָמיטע.

### רעפּאָרט פון דער גריוועַנס קאָמיטע

פריינד ווײנבלאַט, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז אַ מעמבער פון אַ געוויסען ברענטש האָט אַפּעלירט געגען דעם באַשלוס פון דער בענעפיט קאָמיטע צוריקצואווייזען זיין בענעפיט אויף 5 וואָכען. ער האָט צוגעשטעלט אַ סטייטמענט פון אַ דאָקטאָר און ערקלערט, אַז ער האָט פאַרלאָרען דריי פינגער, און זייענדיג אַליין אַ בעקער האָט ער געמוזט דינגען אַ צווייטען מענשען, מיט וועמען ער איז אַרויסגעפאָהרען אויפ'ן ראָוד צו צייגען וואו דאָס־ברויט זאָל פאַנאַנדערגעטיילט ווערען, ער אַליין האָט אָבער ניט געקענט אַרבייטען. די גריוועַנס קאָמיטע האָט באַשלאָסען איבערגעבען די קייס נאָכאַמאָל צו דער נאַציאָנאַלער בענעפיט קאָמיטע צו האַנדלען.

אַ מעמבער וואָס איז מיט אַ צייט צוריק געשטראָכען געוואָרען פון בר. 97, ווייל ער איז ניט נאָכגעקומען די פאָדערונג פון זיין יוניאָן, האָט אַפּעלירט אַז מען זאָל איהם ערלויבען צוריק אַריינגענומען צו ווערען אין זיין ברענטש. די נאַציאָנאַלע גריוועַנס קאָמיטע האָט געענטפערט דעם ברענטש, דאָס אַזוי ווי דער באַטרעפענדער איז דאַמאָלס באַשטראָפט געוואָרען מיט 50 דאָלאַר אויף דער קלאַגע פון דער יוניאָן, קען ער דאַרום צוריק אַריינגענומען ווערען אין אַרבייטער רינג בלויז דאַן, ווען די יוניאָן וועט איהם ריין־וואַשען.

דער ברענטש פון ראַסיין, וויסקאָנסין, האָט אָנגעפרעגט פאָלגענדעס: אַ מעמבער פון זייער ברענטש לויפט אויף אַן אינדעפּענדענט טיקעט פאַר דעם אַמט פון „דזשאַסטיס אָוו פּיעס“. די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט ניט אַרויסגעשטעלט קיין קאַנדידאַט פאַר דעם אַמט, און זיי פרעגען צי זייער מעמבער האָט אַ רעכט צו לויפען אויף אַן אינדעפּענדענט טיקעט אונטער די אומשטענדען. די גריוועַנס קאָמיטע האָט זיי געענטפערט, אַז אויב די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט ניט געגען דעם, קען דער באַטרעפענדער לויפען פאַר דעם אַמט.

רעפּאָרט פון דער גריוועַנס קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

### רעפּאָרט פון דער אַפּיס קאָמיטע

פריינד דייווידאָף, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז אַ געוויסער מעמבער עט לאַרדזש האָט זיך צו זיי געווענדעט און ערקלערט, אַז ער איז אַ געוועזענער פּאַציענט פון סאַניט., געפינט זיך יעצט אין אַ גערדריקטען מאַטעריעלען צושטאַנד און קען ניט צאָהלען זיינע בילס, ער וויל אָבער ניט אַרויס פון אַרבייטער רינג, און האָט געפרעגט צי מען קען עפּעס טאָן צו באַפרייען איהם פון דיוס. דער מעמבער האָט אָנגעדייטעט, אַז עס זיינען זיכער דאָ נאָך אַזעלכע עהנליכע פעלע, אַז די עקזעקוטיוו דאַרף עפּעס טאָן אין דער אַנגעלעגענהייט. די אַפּיס קאָמיטע זעהט אָבער ניט איין וואָס עס קען געטאָן ווערען אונטער די אומשטענדען.

לעצטענס טראַנספערירען זיך פיעלע מעמבערס פון אַ נידריגען קלאַס אין אַ העכערען קלאַס. די אַפּיס קאָמיטע דענקט איינצופיהרען אַן אַנדער סיסטעם ווי צו רעכענען די רייטס פון אַזעלכע טראַנספערירטע, ווייל לויט דער יעצטיגער סיסטעם האָט דער בוקקיפּינג דעפּאַרטמענט זעהר פיעל אַרבייט.

אָנפאַנגענדיג פון דיעזען קוואַרטאַל וועלען די ברענטשעס, לויט דעם לעצטען קאָנווענשאָן רעפערענדום, קריגען קרעדיט פאַר געשטראָבענע מעמבערס אויך מיט'ן מאָרטשוערי פאָנד.

עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו אַנאָנסירען אין דער פּרעסע, אַז די אַרבייטער רינג מעמבערס, וועלכע זיינען געדרעפטעט און באַפרייט געוואָרען פון דער אַרמעע, זאָלען זיך גלייך מעלדען צו זייערע ברענטשעס, אָדער דירעקט צום דזשענעראַל אָפּיס.

אַ קאָמיטע פון די פּאַראייניגטע ברענטשעס וועגען איינפיהרען דיסטריקט דאָקטוירים האָט זיך געווענדעט, אַז מען זאָל זיי ערלויבען פּלאַץ אין אָפּיס אָנצופאַנגען זייער אַרבייט, וואָס איז פאַרבונדען מיט דער איינפיהרונג פון דיסטריקט דאָקטוירים. זיי האָבען געבעטען מען זאָל זיי געבען די אַדרעסען פון אַלע מעמבערס פון די ניו־יאָרקער ברענטשעס וואָס האָבען זיך שוין אָנגעשלאָסען, אָדער וואָס וועלען זיך שפּעטער אָנשליסען, און אויך אַנדערע אינפאָרמײשאָנס, אין וועלכע זיי וועלען זיך נויטיגען. די אַרבייט וועט געטאָן ווערען פון אַ מענשען, וואָס זיי וועלען ספּעציעל פאַר דעם צוועק אָנשטעלען. עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו באַוויליגען פאַר זיי די אַדרעסען און אַנדערע אינפאָרמײשאָנס, אָבער ניט קיין פּלאַץ אין אָפּיס פאַר זייערען אָנגעשטעלטען.

די פרוי פון אַ געוועזענעם מעמבער עט לאַרדזש האָט פאַרלאַנגט מען זאָל איהר אויסצאָהלען די טויטען־בענעפיט פאַר איהר מאַן. דער באַטרעפענדער איז געווען געדרעפטעד און דיסטשאַרדזשט געוואָרען פון דער אַרמעע דעם 16טען דעצעמבער 1918, און איז באַלד קראַנק געוואָרען. אין אָפּיס איז ער געשטראָכען געוואָרען דעם 31טען דעצעמבער, 1918, דאָס הייסט אין דער צייט ווען ער איז געווען קראַנק. געשטאָרבען איז ער דעם 9טען יאַנואַר, 1919. ער האָט אָבער דעם

דזשענעראל אָפּיס ניט געלאָזט וויסען, אַז ער איז געדרעפּטעד אָדער ער איז קראַנק, און ניט וויסענדיג קיין זאַך וועגען איהם, איז ער געשטאָרבען געוואָרען. די אנגעלעגענהייט איז איבערגעגעבען געוואָרען צו אונזער ליגעל אדוויזער, וועלכער רעקאָמענדירט די בענעפּיט אויסצוצאָהלען.

אַ געוויסער מיטגליעד, וועלכער איז טראַנספּערירט געוואָרען אַלס מעמבער עט לאַרדזש פון אַ געוועזענעם ברענטש אין אָסוועגאָ, ענטזאגט זיך יעצט צו צאָהלען די עקסטרא סומע, וואָס עס קומט אויף זיין חלק פון דעם חוב אין ברענטש, וואָס דער אָפּיס צוטיילט צווישען די איבערגעבליבענע מעמבערס. די אָפּיס קאָמיטע האָט באשלאָסען די פראַגע צו ברענגען צו דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע.

צוליעב דער עפּידעמיע פון איין זייט און אַ דאַנק וואָס עס קומען אַריין פיעלע נייע מעמבערס אין דעם יעצטיגען מעמבערשיפּ קאמפּיין פון דער צווייטער זייט, און אויך צוליעב דעם וואָס עס ווערען יעצט צוגעגרייט די יעהרליכע רעפּאָרטס פאַר די פאַרשיעדענע אינשורענס דעפּאַרטמענטס פון די סטייטס, איז כמעט דער גאַנצער אָפּיס הינטערשטעליג אין זיין אַרבייט, ניט קוקענדיג דארויף וואָס מען האָט אָנגעשטעלט עטליכע עקסטרא מענשען.

ביי דער אָפּיס קאָמיטע איז אויפגעהויבען געוואָרען די פראַגע ווי אויסצוטייטשען אַרטיקעל 9, פּונקט 8 פון דער קאָנסטיטושאן, וואָס לעזט זיך ווי פאָלגט: „ווען אַ מעמבער ברענגט אַ סטייטמענט פון אַן אנערקענטען דאָקטאָר פון אַרבייטער רינג, דאָס ער לײַדעט פון קאָנסאָמפּשאָן, און אײדער די קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט איז צו איהם אויסגעצאָהלט געוואָרען פון דזשענעראל אָפּיס, איז דער מעמבער געשטאָרבען, זײַנען די יורשים בארעכטיגט צו די 100 דאלאר קאָנסאָמפּשאָן בענעפּיט."

ווען אַ מעמבער שטאַרבט, און די יורשים באווייזען מיט סטייטמענטס פון דאָקטוירים, אַז ער איז געשטאָרבען פון קאָנסאָמפּשאָן, ווי דאַרף מען האַנדלען אין אַזאַ פאַל; זײַנען די יורשים בארעכטיגט אָדער ניט צו דער קאָנסאָמפּשאָן בענעפּיט?

פריינד וואָלבערג איז געוועזען פאַרטראָטען ביי בר. 266, ביי זייער באַנקעט. ער האָט זיי אַדרעסירט אין נאָמען פון דער עקזעקוטיוו קאָמיטע. ביי דעם באַנקעט איז געזאָמעלט געוואָרען 20 דאלאר פאַר'ן רעליעף פאָנד.

* * *

עס ווערט באשלאָסען אויסצוצאָהלען די טויטען בענעפּיט פאַר דעם מעמבער עטלאַרדזש, לויט די רעקאָמענדיישאַן פון אונזער ליגעל אַדוויזער.

וועגען מיטגליעד, וועלכער איז טרענספּערירט געוואָרען אַלס מעמבער עט לאַרדזש פון אָסוועגאָ ברענטש ווערט באשטימט, אַז לויט אונזער קאָנסטיטושאַן איז ער פאַרפליכטעט איינצוצאָהלען זיין חלק פון דעם חוב פון ברענטש.

וועגען אַרטיקעל 9, פּונקט 8 פון אונזער קאָנסטיטושאַן ווערט באַשלאָסען, אַז נאָכ'ן טויט פון אַ מעמבער קען קיין קאָנסאָמפּשאַן בענעפּיט ניט אויסגעצאָהלט ווערען, אויב יענער איז ביי'ם לעבען ניט אונטערזוכט געוואָרען פון אַן אנערקענטען דאָקטאָר אויף לונגען־קראַנקהייט און האָט ביים לעבען ניט צוגעשטעלט קיין אַפּליקיישאן פאַר קאָנסאָמפּשאַן בענעפּיט.

---

פריינד וואָלאָס הויבט אויף די פראַגע, ווארום די אָפּיס קאָמיטע האָט ניט באוויליגט דעם פאָרשלאַג פון די פאַראייניגטע ברענטשעס צו קענען זיך באנוצען די ערשטע צייט מיט דעם אָפּיס צוצוגרייטען די אַרבייט פאַר דער איינפיהרונג פון דיסטריקט דאָקטוירים.

דער טשערמאַן, פר. עפּשטיין, ערקלערט, אַז מען דאַרף באוויליגען דעם פאָרשלאַג פון דער קאָמיטע צו קענען זיך באנוצען מיט'ן אָפּיס ווייל דאָס איז אַן אַרבייטער רינג אנגעלעגענהייט. די ערקלערונג פון טשערמאַן ווערט פון דער עקזעקוטיוו אָנגענומען.

דער רעפּאָרט פון דער אָפּיס קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

רעפּאָרט פון דער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע

פריינד זאַלצמאַן, וויים־טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באריכטעט, אַז פריינד צביון איז געוועזען לעקטשורען אין נואַרק, און ער איז עקסטרא געפאָהרען אַהין פריהער, אום זיך דורכצורײַדען מיט דער אָרטיגער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע וועגען זייער אַרבייט. עס איז פאַרהאַנדעלט געוואָרען די פראַגע וועגען אַ קינדער־שולע. דאָרט איז פאַראַן אַ גרויסע נאָכפראַגע פאַר אַ אידישער שולע און זיי קענען דיעזע האָבען אין זייער לייסעאום אָהן עקסטרא אויסגאַבען. די עדיוקיישאָנאל קאָמיטע וועט זיי דאַרפען שטיצען פינאנציעל. זיי האָבען דאָרט אַ פּראָבלעמע צו קריגען אַ לעהרער. ער האָט זיי געראַטען צו קומען אין האַרלעם און זיך צוקוקען צו די מעטאָדען פון יענער אַרבייטער רינג שולע.

פר. צביון איז אויך געוועזען אין פּעטערסאָן. זייער כאָר איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען פון אַ גוטען מאַטעריאַל. ה' פּיראָזשניקאָף וועלכער איז דאָרט געוועזען צו העלפען זיי אַוועקשטעלען דעם כאָר אויף אַ פעסטען באָדען, האָט זעהר אַ גוטע מיינונג וועגען דעם עלעמענט פון וועלכען דער כאָר באַשטעהט.

דער אַרבייטער רינג אָרקעסטער, בר. 615, האַלט זיך כּסדר אין ענטוויקלען. זיי ערוואַרטען צום נעקסטען קוואַרטאל צו האָבען אַרום 75 אָדער 80 מעמבערס. זיי האָבען אַליין געשאַפען געלד צו ערעפענען אַ מוזיק שול, וועלכע פאַרשפּרעכט צו זיין אַן ערפאָלג. אַלע אַרויסטרעטונגען, סיי פון דעם אָרקעסטער און סיי פון דעם מענדאָלין אָרקעסטער, זײַנען ערפאָלגרייך.

די ביכער, וואָס די עדיוקיישאָנאל קאָמיטע וועט אַרויסגעבען דיעזען יאָהר, ווערען יעצט איבערגעגעבען צום דרוק. די מאַרקס ביכער זײַנען שוין כמעט באַלד אויספאַרקויפט.

דער לעקטשור־טור מיט פריינד א. ש. זאַקס זעהט אוים צו זיין ערפאָלגרייך. פריינד זאַקס האָט געדאַרפט לעקטשורען אין קענעדא, אָבער מען האָט איהם ביי דער קענעדער גרעניץ פאַרהאַלטען און אַהין ניט אַריינגעלאָזען.

די שיקאַגאָ סיטי עדיוקיישאָנאל קאָמיטע האָט געשריבען, אַז זיי ווילען קירצליך עפענען 3 אידישע אַרבייטער רינג שולען, און עס איז באַשטימט געוואָרען פאַר זיי אַ סומע פון 300 דאלאַר.

געוויסע סומעס זײַנען באשטימט געוואָרען פאַר אַ רייהע סיטי און עדיוקיישאָנאל קאָמיטעס צו העלפען זיי אָנגעהן מיט זייער קולטורעלער טעטיגקייט.

בר. 167, מינעאפּאָליס, האָט געבעטען מען זאָל באוויליגען פאַר זיי אַ בודזשעט פאַר אַן ענגלישע קינדער־שולע. ביי דער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע איז אויפגעהויבען געוואָרען די פראַגע צי לויט דעם לעצטען קאָנווענשאן רעפערענדום קען באוויליגט ווערען שטיצע אויך פאַר ענגלישע שולען, ווייל אין דעם רעפערענדום ווערט דייטליך געזאָגט, אַז עס ווערט געשאַפען אַ פאָנד פאַר „אידישע אַרבייטער רינג שולען". די עדיוקיישאָנאל קאָמיטע האָט באשלאָסען צו ברענגען די פראַגע צו דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע מיט אַ רעקאָמענדאַציאָן, אַז אויב עס וועט זיך אַרויסצייגען, אַז די פּראָגראַם פון יענער שולע איז צופריעדענשטעלענד, זאָל פאַר זיי באוויליגט ווערען די סומע פון 25 דאלאר.

די פרייע אידישע פאָלקס־ביהנע, בר. 555, שטעלט צו פיעלע קרעפטען צו פיעלע ברענטש־אונטערנעהמונגען און זיי האָבען אַ סך אַרויסטרעטונגען ביי פּאַרטיי־ברענטשעס, און ביי אַנדערע אַרבייטער־אָרגאַניזאַציאָנען.

די „האַרפּע", בר. 597, וועלכע זײַנען אויך אַ ליטעראַרישער און דראַמאַטישער ברענטש, האָט באשלאָסען זיך ניט צו פאַראייניגען מיט בר. 555, ווייל זיי ווילען בלייבען אַלס אַ באזונדערער ברענטש פון א.ר.

די ניו־יאָרק סיטי עדיוקיישאָנאל קאָמיטע געהט אָן מיט איהר רוטינע אַרבייט פון אַראַנזשירען אונטערנעהמונגען פאַר ברענטשעס און אַלגעמיינע אונטערנעהמונגען, שפּאַצירונגען אין מוזעאומס און ד. גל. זיי פּלאַנעווען יעצט צו אָרגאַניזירען קולטורעלע צענטערס אין די העדקוואָרטערס פון די אידישע אַרבייטער רינג שולען אין ניו־יאָרק, איינצואָרדנען דאָרט לעקטשור־קורסען, דיסקוסיאָנען, קאָנצערטען א. ד. ג. זיי האָבען באשטימט אויסצוגעבען 75 דאלאר פאַר יעדען צענטער.

די בראָנזוויל אידישע אַרבייטער רינג שולע איז נאָך ניט אַוועקגעשטעלט געוואָרען אויף אַ פעסטען באָדען, און די עדיוקיישאָנאל קאָמיטע מוז זיי פאָרלויפיג העלפען אין דיעזער אַרבייט.

אידישע אַ. ר. שולען זײַנען געגרינדעט געוואָרען און האַלטען זיך אין גרינדען אין פאָלגענדע שטעדט: נואַרק, שיקאַגאָ, ראטשעסטער, מיוואוד, פילאדעלפיא, ווילמינגטאָן, באַלטימאָר, שריוופּאָרט און ניו יאָרק.

די 350 דאלאר, וואָס איז אויסגעליהען געוואָרען צו דער ניו יאָרק שול קאָמיטע פאַר זייער אונטערנעהמונג, זײַנען קאָלעקטירט געוואָרען.

די עקזעקוטיוו באשליסט צו שטיצען די ענגלישע שולע פון מינעאפּאָליס. דער רעפּאָרט פון דער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע ווערט דאַן גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע

פריינד גוסקין, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באריכטעט, אַז זיי האָבען פאַרהאַנדעלט די פראַגע וועגען דעם פּאַציענט פון בר. 30, וועלכער האָט אַליין פאַרלאָזען דעם סאַניטאַריום, אָהן דער צושטימונג פון דאָקטאָר. נעהמענדיג אין אנבאַטראַכט דעם אַפּיעל פון ברענטש און דעם צושטאַנד אין וועלכען דער מעמבער געפינט זיך, האָבען זיי באשלאָסען איהם צוריק אַריינצונעהמען.

דר. האַלפּערן האָט איבערגעגעבען אַ שריפטליכע רעזיגנײשאַן אַלס אַן אַדמיטינג דאָקטאָר פון סאַניטאַריום, ערקלערענדיג, אַז ער איז אַליין קראַנק, אַז ער מוז אַוועקפאָהרען פון ניו יאָרק אויף עטליכע וואָכען, און אום ניט צו הינדערען די אַרבייט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע, גיט ער דארום אַריין זיין רעזיגנײשאַן. די סאַניטאַריום קאָמיטע אנערקענענדיג די איבערגעבענהייט פון דר. האַלפּערן צו די אינטערעסען פון סאַניטאַריום האָט באשלאָסען ניט אָנצונעהמען זיין רעזיגנאַציאָן, נאָר אָנשטעלען צייטווייליג אַ צווייטען דאָקטאָר אויף זיין פּלאַץ ביז ער וועט צוריקקומען אין ניו יאָרק.

דער סאַניטאַריום־טאָג אין ניו יאָרק איז געפייערט געוואָרען דעם 13טען פעברואַר דורך אַ פּראַכטפולען קאָנצערט אין סענטראל אָפּערא הויז. פרייע טיקעטס זײַנען אַרויסגעשיקט געוואָרען צו אַלע ברענטשעס פון גרייטער ניו יאָרק. עס זײַנען געוועזען אַרום 4000 אַרבייטער רינג מעמבערס און זייערע פריינד, וועלכע זײַנען געקומען זיך באטייליגען אין דעם יום־טוב. דער אָבענד איז אויסגענוצט געוואָרען צו זאַמלען געלד פאַר אונזער 25 טויזענד דאָלאַר רעליעף פאָנד. ביי'ם קאָנצערט איז געשאַפען געוואָרען פון ברענטשעס די סומע פון אַרום 500 דאָלאַר און פּלעדזשעס זײַנען אַריינגעקומען אויף העכער 3000 דאָלאַר. אין דעם יום־טוב האָבען זיך באַטייליגט דער אַרבייטער רינג אָרקעסטער און אויך איינינע באוואוסטע קינסטלער. פריינד אב. עפּשטיין האָט אַדרעסירט די פאַרזאַמלונג, וועלכע איז ערעפענט געוואָרען פון פר. דזש. ראָטהמאַן, וויים־טשערמאַן פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע. ער (גוסקין) איז געוועזען טשערמאַן פון יענעם אבענד.

דער סאַניטאַריום־טאָג אין סאַניטאַריום איז געפייערט געוואָרען שבת דעם 8טען פעברואַר. אויסער די מיטגליעדער פון דער עקזעקוטיווע און בײדע סעקרעטערע, זיינען געוועזן איניגע געסט, וואָס וואוינען אַרום ליבערטי. אין דעם קאָנצערט, וואָס איז אַראַנזשירט געוואָרען פאַר יענעם אבענד, האָבען זיך באַטייליגט די טאַלאַנטפולע אַקטריסע מרס. חנה האָלענדער און דער באַוואוסטער אידישער אַקטיאָר בלאַנק. מר. ראָזענשטיין, וועלכער האָט געזונגען אַ גאַנצע רייהע פאָלקס־ליעדער, אויך י. אַדלער (ב. קאָוונער) און ב. באַטווינ יק האָבען פאָרגעלעזען איניגע פון זייערע אייגענע זאַכען. פריינד באַקסט פון באָסטאָן איז געוועזן העכסט אַמוזאַנט מיט זיין לעבעדיגען הומאָר.

בר. 23 פון לייבאָר ליעג האָט צוגעשיקט די רעקאָרדס אין דעם סאַניטאַריום [illegible]טראָלא. אַ דאַנק־בריעף איז צו זיי געשיקט געוואָרען.

די סאַניטאַריום קאָמיטע האָט באַשלאָסען, אַז דער אַדמיטינג דאָקטאָר פון פילאַדעלפיא זאָל זיין בלויז דר. סאַליס קאָהען. ס'איז באַשטימט צו לאָזען וויסען די פילאַדעלפיא ברענטשעס, אַז אום אריינגענומען צו ווערען אין סאַניטאַריום מוז אַ מעמבער אונטערזוכט ווערען בלויז פון דר. סאַליס קאָהען און ניט קיין אַנדערען.

פּאַציענט באַלטאָן האָט פּרעזענטירט די עקזעקוטיוו מיט אַ הערליכען אַ. ר. עמבלעם, וואָס איז איינגעפריימט און הענגט יעצט אין אָפיס.

רעפּאָרט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

פ. געליעבטער, רעק. סעק.

## צו אַלע ברענטשעס פון ארבייטער רינג

ווערטהע פריינדע:—

ווי אייך איז באוואוסט, געהט אַרויס אין ניו יאָרק אַן ענגלישע טעגליכע סאָציאַליסטישע צייטונג „די קאָלל". די וואָס לעזען זי ווייסען, וואָס פאַר אַ ביטערען קאַמף דיעזע צייטונג פיהרט אָן טאָגטעגליך מיט אַלע פינסטערע כחות פון לאַנד, וואָס פאַר פאַרפאָלגונגען און רדיפות זי האָט אויסגעשטאַנען און ווי העלדיש־מוטיג זי האָט זיך ווידערגעשטעלט געגען אַלע אַטאַקעס אויף די ראַדיקאַלע עלעמענטען, אויף די פרייהייט פון רעדע און דרוק. דיעזע צייטונג איז די צייטונג פון אַלע אונטערדריקטע און פאַרפאָלגטע. און יעדער איינער, וועלכער שטעהט מיט דיעזע פאַרפאָלגטע און ווע מענס סימפּאַטיען זיינען מיט זיי, דאַרף און מוז שטיצען דיעזע צייטונג, מוז איהר העלפען אין איהר קאַמף, מוז מיטווירקען, אַז זי זאָל עקזיסטירען און אויך פאַרגרעסערען זיך וואָס מעהר און מעהר און קריגען אַ גרעסערען איינפלוס אויף די ברייטערע שיכטען פון דער באַפעלקערונג.

די עקזיסטענץ און די אויסברייטונג פון דיעזער צייטונג קען פאַרזיכערט ווערען נאָר דאַן, זוען זי וועט האָבען אַן אייגענעם פּלאַץ, אַן אייגענע פּרינטינג, און ניט דאַרפען אָנקומען צו אַ פרעמדען, זיין אונטערוואָרפען די ענדערונגען אין די פּרייזען א. ז. וו.

די מענעדזשמענט פון „קאָלל" האָט באַשלאָסען צו שאַפען אַ פאָנד פאַר אַן אייגענער פּרינטינג און אַפּעלירען צו אַלע ראַדיקאַלע עלעמענטען פון לאַנד צו שטיצען זיי מיט אַלעם וואָס עס איז מעגליך אין דיעזען אונטערנעהמונג.

מיר אַפּעלירען דעריבער צו אַלע ברענטשעס און מעמבערס פון ארבייטער רינג, אַז איהר זאָלט מיטהעלפען אין דיעזער גרויסער אַרבייט און שטיצען די „קאָלל" מיט וויפיעל איהר וועט נאָר קענען. די אונטערנעהמונג איז אַ גרויסע און געלד פאָדערט זיך אַ סך.

העלפט פאַרזיכערען די עקזיסטענץ פון דיעזער סאָציאַליסטישער צייטונג, העלפט פאַרשפּרייטען דעם סאָציאַליסטישען און ראַדיקאַלען געדאַנק, העלפט דעם זיעג פון פרייע רעדע און פרייע פּרעסע.

מיט פריינדליכען גרוס,

נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו קאָמיטע ארב. רינג.

י. באַסקין, דזשענ. סעקרעטער.

נ. ב. אַלע שטיצע זאָלען געשיקט ווערען דירעקט אין דזשענ. אָפיס.

---

ביי דער פאָר־קאָנפערענץ פון 16טען פעברואַר, 1919, אָפּגעהאַלטען אין ניו יאָרק, זיינען פאָלגענדע אַרויף אויפ'ן ליסט, וועלכער ווערט אַרויסגעשיקט צו רעפערענדום פון אַלע ברענטשעס:

בר. 1, ה. אראנסאן; 4, ד. אשינסקי און י. אַקסעלבאַנד; 23, י. אַלפּערט; 36, ד. אלפּערין; 80, ד. אבראמס; 183, ד. אגינסקי; 213, ס. אלטמאַן; 224, ס. אגעלאָף; 244, אב. אזען; 367, ל. אשענאווסקי; 655, ל. אַלטמאַן; 500, דזש. אשעראָוויץ; 554, פ. איטצקין; 139, וו. אייזנער; 224, מ. אייזענשטיין; 1, ה. באַסעל; 3, ס. באַראנאָף; 4, ב. בערוויטש; 6, ס. באַרעל; 36, ב. בעקער; 40, דזש. בראנשטיין; 40, ס. בראדקין; 49, ה. בורגין; 68, א. בערנשטיין; 74, י. ד. באַראש; 99, ל. ביילין און ה. בערגער; 132, אב. בראמבערג; 164, ר. בראודי; 213, ב. ביליק; 260, אב. בענימאָף; 325, י. באַראן; 330, מ. בערג; 363, דזש. בערנשטיין; 560, ל. בערמאן; 1, ה. גאָלדין; 3, י. גאָטליעב; 42, א. גראבשטיין; 39, מ. גינדין; 101, ל. גענז; 133, ל. גינזבורג; 146, ל. גאלינסקי; 183, גערציקאָף; 206, ר. גוסקין; 259, דזש. גאָלדמאן; 280, ס. גאַרפינקעל; 324, ל. י. גערטלער; 382, ס. גרובער; 50, מ. דזשייקאָבס; 93, ס. דזשייקאָבס; 99, איזידאָר דינערשטיין; 359, דזש. דארבשטער; 367, א. דאמסקער; 554, מ. בראפקין; 548, ל. דרעסנער; 5, פ. העלער; 36, ס. האמבורג; 38, אב. הערשקאָוויץ; 49, מ. האסקעל; 80, מ. האָבען; 93, טש. הערמאלין; 233, וו. הערמאן; 275, ב. האָפמאן; 276, ב הערים; 316, דזש. האנקען; 322, ס. האַידט; 439, ס. הייפערלינג; 351, אב. הענקען; 462, ס. האלפערין; 8, טש. וויזענפעלד; 39, ד. ווידבערג; 68, מ. ווינבערוסט; 75, ס. וואָלאָס; 299, ס. ווילקעס; 439, ה. ווילק; 64, מ. זייעטין; 56, דז. יומאנסקי; 75, פ יודיטש; 11, ס. יוראק; 200, י. שורן; 336, ל. יעזער; 3, ס. ליווי; 62, ס. ליבערמאן; 80, י. לעוויטאן; 83, דזש. ליווי; 352, עליאס לאווין; 514, ה. לעווין; 570, מ. ליפנער; 4, ספ. מיללער; 20, א. מעהלמאן; 80, ה. מענין; 147, דזש. מאלקין; 150, נ. ס. מינקאָף; 225, ה. מאלים; 260, ס. מאנדעל; 271, ס. מאלאמוד; 28, ס. נעמזער; 244, אסתר נומאַרק; 3, ח. סאקהיים; 7, מ. סאמאף; 24, י. ב. סאלוצקי; 62, דזש. סטיינבערג; 75, ז. ספייער; 80, אב. סטאף; 130, ב. סאפיר; 142, ס. סאקאלאווסקי; 146, ה. סוטין; 210, פ. סטילערמאן; 259, י. סטיינזער; 260, מ. סמאווסקי; 554, טש. סילווערמאן; 1, אב. עפשטיין; 42, מ. עהרליך; 133, ס. עלענסאן; 346, א. עבעריל; 5, ל. פאז; 7, דזש. פעלדמאן; 28, מ. פרידמאן; 39, נ. פריימאן; 42, א. פעלער; 43, דזש. פאַרבער; 130, ס. פרוסאק; 183, ל. פרידמאן; 206, מ. פערלשטיין; 280, מאַקס פערלאָוויץ; 351, מ. פילטינגאף; 458, מ. פרידמאן; 545, מ. פאלאק; 554, אב. פישער; 99, דזש. צוקערמאן; 3, ל. קאפּעלושניק; 5, ס. קאָונער; 39, וו. קאָהן; 43, איז. קאָהן; 50, ה. קראוס; 56, מ. קיצים; 99, מ. קאָהן; 132, א. קאָטלער; 150, דזש. קלופט; 164, עמא קאמענמעקעראון ס. קאראבעלניק; 213, ה. קארטמאן און נ. קארטמאן; 231, ב. קרינסקי; 635, ב. קראפקא; 325, ה. קאָהן; 359, איז. קימלעד; 23, פ. ראטהשטיין; 101, ז. ראזען; 146, ד. ראָזענבלום; 183, ד. ראָז; 195, ל. ראטהמאן; 545, ס. ראזומאָווסקי; 539, דזש. מ. ראָזענבלאַט.

---

### דער אַ. ר. 25 טויזענד־דאָלאַר פאָנד פאַר'ן רעליעף

לאָדזער בר. 324 האָט ביי־געשטייערט צום רעליעף פאָנד די סומע פון 50 דאָלאַר. זיי האָבען דעם טשעק צוגעשיקט אין אָפיס און פאַרשפּראָכען ווייטער אָנגעהן מיט דער אַרבייט פאַ ררעליעף אין דער צוקונפט.

---

האַמלער סאָציאַליסטישער בר., פון ניו יאָרק, האָט צוגעשיקט צום דזשענעראַל אָפיס 32 דאָלאַר, וואָס איז קאָלעקטירט געוואָרען ביי אַ צוזאַמענקונפט אין הויז פון פריינד היימאן קליין, 57 א. 100טע סט.

אַרבייטער רינג מעמבערס געדענקען אָן זייערע שוועסטער און ברידער אין נויט, ביי יעדער געלעגענהייט, און צו יעדער צייט, ווען זיי קומען זיך צוזאַמען זאָגאַר פאַר אַ „גוד טאַים", דערמאָנען זיי זיך אָן די צרות פון דעם אידישען פאָלק אויף יענער זייט ים

---

יעקאַטערינאָסלאַווער בר. 280 ציינענט זיך אַלע מאָל אויס מיט זיין טעטיגקייט אויפ'ן געביעט פון רעליעף אַרבייט. זיי האָבען ביז איצט בייגעשטייערט 150 דאָלאַר צו דעם 25 טויזענד דאָלאַר פאָנד. זיי ציינענען זיך אויך אויס אין דעם מעמבערשיפּ קאמפּיין. זיי פיהרען אַליין אָן אַ ספּעציעלען קאמפּיין אין צוזאַמענהאַנג מיט זייער 10־יעהריגען יובילעאום, וואָס זיי וועלען פייערען אין ענדע מאַי אַלס ברענטש, און 15־יהריגען יובילעאום אַלס סאָסייעטי.

---

בר. 483, סט. דזשאָזעף, האָט צוגעשיקט אַ טשעק אויף 27 דאָלאַר. צווישען די אַנדערע האָבען בייגעשטייערט: סאָפי פינסקי, בען זאַראווסקי, ד. פורביין, י. פריימהאוז, הענרי סימבליר, מנשה בראנסקי, ל. קלוגמאן, ס. קינג, מ. נעלסאָן, י. פישביין, ב. עגרינאף, א. טשירינסקי, א. אשווינסקי און ה. שוואַרץ.

---

בר. 233 האָט צוגעשיקט אַ טשעק אויף 100 דאָלאַר צום דזשענעראַל אָפיס פאַר דעם 25 טויזענד דאָלאַר פאָנד. זיי שרייבען אויך, אַז דאָס איז נאָך ניט אַלעס. זיי וועלען ניט אויפהערען צו מאַכען זייערע זאַמלונגען פאַר דיעזען הערליכען צוועק.

---

די באָפאלא לייבאָרערי אַסס'ן, בר. 435 אַ. ר., האָהט צוגעשיקט 42 דאָלאַר פאַר אָעם אַרבייטער רינג רעליעף פאָנד. זיי שטעהען קיין מאָל ניט אָפּ אין דיעזער הייליגער אַרבייט, זייט דער אַרבייטער רינג פיהרט אָן קאמפּיינס פאַר רעליעף.

---

פּראָגרעסיווער רומענישער בר. 278 האָט צוגעשיקט 15 דאָלאַר. בר. 198 האָט צוגעשיקט 14 דאָלאַר, וואָס איז קאָלעקטירט געוואָרען דורך פריינדע געלבער און מיסס קוסנער, ביי אַ פּאַרטי אין הויז פון פריינד דזשאָזעף עלקין, 821 קריסטאָפער עוו., ברוקלין. בר. 410 האָט בייגעשטייערט 25 דאָלאַר. בר. 290 האָט בייגעשטייערט 10 דאָל. בר. 530 האָט בייגעשטייערט 20 דאָלאַר. ברענטש 37 האָט אַריינגעשיקט $7.30. העררויש שאָר, 2 דאָל.; מאַקס פּאָלאַק, מעמבער עט לאַרדזש, 3 דאָל.; בר. 227, 5 דאָלאַר.

מיר ווארפען אהער
א זודיגע טרעהר —
און לעגען א קראנץ אייך
פון בלומען . . .

און בויגען דעם קאפ
מיט טרויער אראפ,
אין צער, אין טיעפען, אין
שטומען . . .

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען טרויער נאך אונזער יונגען באליבטען פריינד מאריס עפשטיין, וואס איז געפאלען דעם 2טען נאוועמבער 1918 אויף דעם שלאכטפעלד אין פראנקרייך.

אין טרויער: בר. 577, בעיאן.

---

מיר באדויערען דעם פריהצייטיגען שרעקליכען טויט פון אונזער פריינד סעם קליין, וועלכער איז דער'הרג'עט געווארען פון אן אויטאמאביל דעם 17טען יאנואר אין עלטער פון 31 יאהר. מיר דריקען אויס אונזער פולע סימפאטיע צו זיין פרוי און קינדער.

רעזאלוציאנס קאמ. בר. 236 א. ר.

---

מיר דריקען אויס אונזער טרויער נאך דעם גרויסען פארלוסט וואס מיר האבען געהאט דיעזען יאהר פארלירענדיג דריי פון אונ־זערע גרינדער, בעני וואדינליאנסקי, האט זיין נשמה אויסגעהויכט אויפ'ן שלאכטפעלד אין פראנקרייך; סעם קאץ און הערי סלאווים האבען זייער לעבען פארלארען דורך דער עפידעמיע. מיר באדויערען זייערע אלמנות און יתומים און דריקען אויס זייער הערצליכע סימ־פאטיע צו אלע זייערע פריינד.

מאקס באלעט, דזש. יאפע, קאמ. בר. 309.

---

מיר דריקען אויס אונזער טרויער אויפן טויט פון אונזער טייערען פריינד טשארלז הוירש, געשטארבען פון דער פארפלוכטער אר־בייטער קראנקהייט אין עלטער פון 28 יאהר. מיר דריקען אויך אויס אונזער מיטגעפיהל אויף זיין פארלוסט צו דעם ברודער פון פארשטאר־בענעם פריינד ב. הוירש. בר. 33. מ.ספאנדזשין, סעק.

---

מיר דריקען־דאמיט אויס אונזער מיטגעפיהל פון שמערץ און טרויער צו אונזער פריינד נייטען דראזנין אויף דעם פארלוסט פון זיין פרוי, וועלכע איז געפאלען א קרבן פון דער עפידעמיע. זאל אייך אלס אנדענקונג און טרייסט דיענען די צוויי איבערגעבליבענע קינדער.

בר. 65 א. ר. א. לאשער, סעק.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען באדויערען און שמערץ אויף דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פר. דזשייק גארדאן, וועלכער איז אוועקגעריסען געווארען פון אונז אין רעכטער בליהונג פון זיין לע־בען. אונזער טיעפסטע סימפאטיע צו זיין פאמיליע. מיר דריקען אויך אויס אונזער מיטגעפיהל צו אונזער פר. נייטהען טשערנין אויף דעם פארלוסט פון זיין יונגען זוהן אין עלטער פון 16 יאהר. מיר האפען אז די צייט וועט היילען זיין וואונד.

מ. פילטינגאף, סעק. בר. 351.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען טרויער און גרעסטע סימ־פאטיע צו אונזער פריינד פיליפ קאץ פאר דעם שרעקליכען און פריה־צייטיגען טויט פון זיין ליעבענדער פרוי טיליע קאץ.

---

בר. 209. יעקב סמיטה, סעק.

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען באדויערען אויף דעם פאר־לוסט, וואס אונזער פריינד הערי לעבין האט ערליטען דורך דעם פריהצייטיגען טויט פון זיין פרוי.

מיט טרויער, בר. 414 א. ר. א. וואלפסאן, סעק.

---

מיר דריקען אויס אונזער סימפאטיע צו אונזערע פריינד מאקס און מערי וויינבערג. מיט גרויס שמערץ באדויערען מיר דעם פריה־צייטיגען טויט פון זייער באליעבטען זון.

א. גלייזער, סעק. בר. 395.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיעפען טרויער אויף דעם פלוצילינגען טויט פון אונזער פריינד רופפין, איינער פון די עלטסטע מעמבערס אין אונזער בר.

בר. 11, ש. גינצבורג, סעק.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטע סימפאטיע צו אונזער פריינד בען גראנער אויף דעם פריהצייטיגען טויט פון זיין יונגער באליעבטער פרוי מרס. ראזע גראנער, וועלכע איז געוועזען איינע פון די ערשטע מעמבערס פון דער ליידיס אוקזילערי ברענטש. מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטע סימפאטיע צום פר. גראנער און צו זיין קינד.

רעז. קאמ. בר. 415 און ליידיס אוקזילערי

מ. וועננער, ל. צאלט, מ. הורוויטש.

---

מיר דריקען אויס אונזער מיטגעפיהל צו אונזער פריינד ל. שיפמאן איבער דעם פריהצייטיגען טויט פון זיין פרוי. אונזער טיעפסטע סימפאטיע צו זיינע צוויי יתומים'לאך.

בר. 481. דזש. גאלדמאן, סעק.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטע סימפאטיע צו די ברידער קוניאנסקי אויפ'ן שרעקליכען פארלוסט פון זייער שוועסטער מיסעס זינגער. בר. 207 א. ר. מיכל מערלין, סעק.

---

מיר באדויערען דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פריינד ל. ראטבערג, און מיר דריקען אויך אויס אונזער מיטגעפיהל צו זיין פרוי און קינדער.

וו. וועלטמאן, נ. פייגין, מרדכי שולמאן, קאמ. בר. 516.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען טרויער אויף דעם פריה־צייטיגען טויט פון אונזער מעמבער דזשא סאלאף, געשטארבען דעם 26טען יאנ. אין עלטער פון 29 יאהר. מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטע סימפאטיע צו דער פרוי און עלטערען.

אויך דריקען מיר אויס אונזער טיעפסטען טרויער אויף דעם גרויסען אומגליק וואס האט געטראפען אונזער פריינד דזשא גאלדשטיין דורך דעם פארלוסט פון זיין געליעבטער פרוי איידע גאלדשטיין, גע־שטארבען דעם 13טען פעב. אין עלטער פון 23 יאהר. מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטע סימפאטיע צו אונזער פריינד גאלדשטיין און די קינדער. ב. ליפשיץ, פינ. סעק. בר. 172.

---

מיר באדויערען דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער באליעבטען פר. זאסמאן, ארויסגעריסען געווארען פון אונזערע רייהען אין עלטער פון 25 יאהר. מיר דריקען אויס אונזער פולסטע סימפאטיע צו זיין פרוי. ער. מילקים, קאמ. בר. 332.

---

מיר דריקען אויס אונזער טרויער אויף דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פר. אברהם בורשטיין דורך דער שרעקליכער מגפה און מיר דריקען אויס די טיעפסטע סימפאטיע צו זיין פרוי און קינדער.

אויך דריקען מיר אויס אונזער טרויער אויף דעם פריהצייטיגען פארלוסט פון אונזער פר. מאקס פאנבערג. מיט טיעפען באדויערען צו דער פאמיליע אין רוסלאנד דריקען מיר אויס אונזער סימפאטיע.

י. הורוויטש, מ. וואגמאן, בר. 337.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען באדויערען און שמערץ איבער דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער באליעבטען און געאכ־טעטען פריינד דזשוליוס זיטש, געשטארבען דעם 17טען פעב. 1919. זיין טויט ווערט באדויערט פון אלע זיינע פריינד און באקאנטע. מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטע סימפאטיע צו זיין אומגליקליכע פרוי און קינדער. ק. טשאוואסאוו, סעק. בר. 478.

# פון אונזער קאָרעספּאָנדענץ-טיש

## באַריכט פון ראטשעסטער פאַר־קאָנפערענץ

זונטאג דעם 23טען פעב. האָט פריינד מארים טאנענבוים, דער טשערמאַן פון דער דיסט. קאָמ., געעפענט די קאָנפ. און דער סעק. א. שולמאן האָט גערופען דעם ראָל־קאָל פון די דעלעגאַטען. אלע ברענטשעס אנוועזענד: 27, 152, 349. אין די דעבאַטען האָבען זיך אויך באַטייליגט די ברענטש עקזעקוטיוום. עס ווערט באַשלאָסען צו אָרגאַניזירען אַ ספּעשעל קאמפיין קאָמ. און זעהן צו קריגען די פולע קוואָטא פון מיטגליעדער ביז'ן קאָנווענשאַן. פר. י. מארגאָלים, טשערמאַן פון דער אַ. ר. קינדער־שולע, לעגט פאַר די פּלענער פאַר דער 1טער שולע און פאַרלאַנגט אַז דער פאַר־קאָנפערענץ זאָל העלפען און עפענען די שולע. עס ווערט באַשלאָסען צו עפענען די קינדער־שולע אַזוי שנעל ווי מעגליך און די ברענטשעס זאָלען געבען 100 דאלאר צום גרינדונג־פאָנד.

דער סעק. באַריכטעט, אַז דורך דעם יעצטיגען מעמבערשיפּ קאמפיין האָט ער זיך אָנגעשטויסען מיט פילע פראַגען פון קאַנדידאַטען אין באַצוג צו בענעפיטס פון אַנאַנדער אָרגאַניזאַציאָן,. וועלכע האָבען דאָקטאָר בענעפיט פאַר דעם מעמבער און פאַמיליע פריי. ער רעקאָמענדירט, אַז מיר זאָלען ווידער עפענען דעם קאמפיין ביי די מעמבערס אָנצושטעלען אַ פאַמיליע דאָקטאָר פאַר אַ געוויסער צאָהלונג אַ יאָהר. באַשלאָסען צו רעקאָמענדירען עס צו די ברענטשעס.

מען געהט איבער צו די עלעקשאַן פאַר קאָנווענשאַן דעלעגאַטען און פאָלגענדע 2 דעלעגאַטען געהען אויפ'ן באַלאָט: מענדעל האָפמאַן, בר. 152; בעני העריסאָן, בר. 349.

עס ווערען אָנגענומען פאָלגענדע רעקאָמענדיישאַנס צו שיקען צו דער קאָנווענשאַן: דער אַ. ר. זאָל איינשטעלען 3 קלאַסען אין קראַנקען־בענעפיט, אַזוי ווי טויטען בענעפיט, און פאַר וויפיעל אַ מעמבער וועט צאָהלען אויף אַזוי פיעל וועט ער זיין אינשורט. דאָס וואָלט צוריקגעהאַלטען מעמבערס פון געהן אין אַנדערע אָרגאַניזאַציאָנען צוליעב קראַנקען אינשורענס און מוזען דערביי צאָהלען פאַר אַנדערע פאָנדס, וועלכע זיי ברויכען ניט האָבען. דער אַ. ר. זאָל בויען אַ יתומים־הויז פאַר די יתומים פון אונזערע מעמבערס, זיי זאָלען ניט דאַרפען אָנקומען צו די צדקה־אַנשטאַלטען. די לייסעאום קאָמ. האָט געשיקט אַ פאַרטרעטער און באַריכטעט דאָס זיי האָבען געעפענט אַ קאמפיין פאַר 10 טויזענד דאָלאר צו בילדען דעם אַ. ר. לייסעאום דיעזען זומער און פאַרלאַנגען אַז די „פלעדזשעס" פון די מעמבערס זאָלען ניט פאַרנאַכלעסיגט ווערען.

עס ווערט אויך באַריכטעט, אַז דער יונג פּראָגרעסיוו ליעג וועט האָבען אַ באָלל דעם 15טען מאַרטש אין קאָנווענשאַן האָלל און האָפען צו מאַכען 1,000 דאָלאר פאַר דעם לייסעאום בילדינג פאָנד.

א. שולמאן, סעקרעטער.

---

## סיראקיוז פאַר־קאָנפערענץ פון אַ. ר.

די סיראקיוזער טעריטאָריע קאָנפ. פון אַ. ר. ווערט ערעפענט זונטאג דעם 23טען פעברואַר פון פר. איסאק אייזיקס, טשערמאַן פון דער סיראקיוזער סיטי קאָמ. אַ. ר., מיט אַ פּאַסענדער באגריסונג צו די דעלעגאַטען, און געהט נאכהער איבער צום וואַהל פאַר טשערמאַן. עס ווערט ערוועהלט פר. ל. שאפירא, דעלעגאַט פון בר. 274 א. ר.; אַלס סעק., פר. ס. מירמאַן, דעלעגאַט פון בר. 326 א. ר. עס זיינען פאַרטראָטען דעלעגאַטען פון פאָלגענדע ברענטשעס: 19, 274 און 529 פון סיראקיוז, נ. י., און בר. 326 א. ר. פון קאַמיללוס, נ. י.

אבוועזענד — די דעלעגאַטען פון יוטיקא: אַלע דעלעגאַטען ווערען אָפיציעל צוגעלאָזען.

עס ווערט דעבאַטירט גרינדליך די פראַגע וועגען אַן אַ. ר. אָרגאַניזער פאַר די קאָנטרי. כמעט אַלע קומען צום שלום, אַז אַן אַ. ר. אָרגאַניזער פאַר די קאָנטרי וואָלט זעהר פיעל אויפגעטאָן פאַר'ן אַ. ר. און די קאָנטרי (אַ הוץ ניו יאָרק סיטי), און די אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט וואָלט אָנגעגאַנגען מעהר סיסטעמאַטיש און געוויס מעהרער ערפאָלגרייך, ווי ס'געהט אָן ביז יעצט.

ענדליך ווערט אָנגענומען פאָלגענדער באשלוס:

„מיר רעקאָמענדירען צום קאָנווענשאַן פון אַ. ר. אָנצושטעלען אַן אַ. ר. דאָגאַניזער פאַר די קאָנטרי שטעדט און מיר אינסטרואירען אונזער דעלעגאַט צום קאָנווענשאַן אויסצונוצען זיין איינפלוס און צו טון אַלעס אין זיין מעגליכקייט דאָס דיעזער באשלוס זאָל דורכגעפיהרט ווערען אין לעבען."

גען. שרייבער, טשערמאַן פון בר. 3 ס. פּ. פון סיראקיוז, באגריסט די דעלעגאַטען אין נאָמען פון דער ס. פּ. און האַלט דערביי אַ לאַנגע רעדע, וואו ער שטעלט זיך אָפּ הויפּטזעכליך וועגען דער נייער לייבאָר פאַרטיי. זיין רעדע ווערט פיעל אַפּלאָדירט פון די אנוועזענדע און ער ווערט באַדאַנקט פאַר זיין באַגריסונג.

פר. נ. גרינבערג באגריסט די קאָנפ. אין נאָמען פון דער סיטי קאָמיטע אַ. ר. און ווינשט ערפאָלג אין דער אַרבייט.

די קאָנפ. געהט דאַן איבער צו דער פראַגע וועגען סיק בענעפיט און עמוירדזשענסי פאָנד פאַר'ן אַ. ר. דער ערשטער טייל פון דער פראַגע, סיק בענעפיט, ווערט כמעט איינהייטליך דעבאַטירט און אַלע זיינען מיט דער מיינונג, אַז די סיק בענעפיט דאַרף זיכער געהעכערט ווערען. „מיר זיינען שוין גרויס און שטאַרק גענוג, און די בענעפיט מעג שוין אויך געהעכערט ווערען", זאָגען איניגע דעלעגאַטען אַרויס זייער מיינונג. עס ווערט אויך אָנגעדייטעט, אַז אַנדערע אָרדענס האָבען שוין געהעכערט אָדער געהן העכערען די בענעפיט און מיר דאַרפען ניט זיין די לעצטע צו טון דאָס... עס איז, אגב, אונמעגליך דורצוקומען מיט 6 דאלאר אַ וואָך אפילו פאַר אַ סינגעל־מאַן. אַם ענדע ווערט באַשלאָסען איינשטימיג צו רעקאָמענדירען צום קאָנווענשאַן צו העכערן די סיק בענעפיט.

אין באַצוג דער פראַגע פון גרינדען אַן עמוירדזשענסי פאָנד, ווערט באַשלאָסען ניט צו געבען קיין ספּעציעלע אינסטראָקשאַנס דעם דעלעגאַט צום קאָנווענשאַן. עס ווערט דערביי אויך באַשלאָסען, אַז מיר אונטערשטיצען דעם פאָרשלאַג צוריק צו ציהען דעם 10 סענט טעקס פאַר געדרעפּטעטע מעמבערס.

די „לייבאָר פאַרטיי" רופט אַרויס אַ היציגע און לעבעדיגע דעבאַטע. איניגע צייגען אָן, אַז די קאָנווענשאַן פון אַ. ר. דאַרף ניט און זאָל ניט פאַרנעמען זיך מיט דיעזער פּאָליטישער פראַגע און זאָל בעסער אויסוואַרטען און נאָכפאָלגען די ווייטערדיגע ענטוויקלונג, און איבערהויפּט זאָל מען וואַרטען אויפ'ן מיטינג פון דער ס. פּ. אַנדערע דעלעגאַטען, פאַרקעהרט, צייגען אָן, דאָס דיעזע לייבאָר פאַרטיי, וואָס זי זאָל ניט זיין, דאַרף זי אָבער מיט איהר יעצטיגער פּלאַטפאָרמע אינדאָרסירט ווערען פון אונז, מעמבערס פון אַ. ר. און זעהן צו ווירקען דאָס דער ראַדיקאַלער געדאַנק זאָל האָבען אין איהרע רייהען אַן איינפלוס אויף דער ווייטערדיגער ענטוויקלונג. אין דער דעבאַטע האָט זיך אויך באַטייליגט גען. שרייבער.

עס ווערט באַשלאָסען, אַז אונזער דעלעגאַט זאָל אינדאָרסירען די לייבאָר פאַרטיי, אויב זי וועט זיין אויף דער טאַגעס־אָרדנונג פון קאָנוו.

וועגען דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג ווערט באַשלאָסען צו רעקאָמענדירען צום קאָנווענשאַן דורך אונזער דעלעגאַט, אַז די אַ. ר. קאָנווענשאַן זאָל ניט בלויז אינדאָרסירען, ווי אימער, נאָר זאָל אויך אויפפאָדערען אַלע מעמבערס פון אַ. ר., אַז די לעצטע זאָלען זיך אָנשליסען אָן דער קאָאָפּערטיווער באַוועגונג.

די פראַגע וועגען אַ. ר. שולען ווערט ברייט דעבאַטירט און אַם ענדע באַשלאָסען צו פאָדערען פון קאָנווענשאַן, אַז זי זאָל עטוואָס פּאָזיטיוועס זעהן צו טאָן פאַר אַ. ר. קינדער־שולען אויך אין די קאָנטרי שטעדט.

עס ווערט באַשלאָסען צו רעקאָמענדירען צו דער קאָנווענשאַן צו ערוועהלען אַ קאָמיטע צו שטודירען די פראַגע וועגען דער מעגליכקייט פון גרינדען בית יתומים אַנשטאַלטען פאַר די אַ. ר. מעמבערס.

די פאָלגענדע ווערען נאָמינירט אַלס דעלעגאַטען, וועלכע דאַרפען געהן צום רעפערענדום: — פריינד מ. צימערמאַן, דעלעגאַט פון בר. 19, און פר. ס: מירמאַן, דעלעגאַט פון בר. 326.

דער דיסט. סעק. פר. צימערמאן ווערט אויך אינסטראָקטעט צו שרייבען צו די יוטיקא'ר ברענטשעס און טאַדלען די לעצטע פאַר ניט אנטייל נעהמען אין דיעזער קאָנפערענץ.

צווישען די זיצונגען איז פאָרגעקומען אַ פּראַכטפולער באַנקעט אַראַנזשירט אין פר. גאָרדאַנ'ס הויז מיט אַ ברייטער האַנד, וואו עס איז אויך געזאַמעלט געוואָרען 12 דאלאר פאַר דעם פאָנד פון סיראַקיוזער לייבאָר לייסעאום.

ס. מירמאַן, סעק. פון קאָנפערענץ.

---

## האַרטפאָרדער פאַר־קאָנפערענץ

זונטאג דעם 23טען פעברואַר איז פאָרגעקומען די פאַר־קאָנפערענץ פון האַרטפאָרדער דיסטריקט מיט פר. גאָלדענטאל אַלס טשערמאן, פר. דעבניקאָוו און ס. מילער, סעקרעטערע, און פר. בערגעל, סטאהל און א. מילער אַלס קרעדענשעל קאָמיטע. עס זיינען געוועזען פאַרטראָטען 7 ברענטשעס דורך 13 דעלעגאַטען. אויסגעהערט רעפּאָרטען פון דער דיסטריקט קאָמיטע און פון פר. יאנאָווסקי, פאַרטרעטער פון דעם ניישאָנאַל באָארד אָף דירעקטאָרען. באַשלאָסען אונטערצוהאַלטען די רעקאָמענדאַציאָנען פון דער נ. ב. אָף ד. צו דער קאָנווענשאַן און נאָך צוגעגעבען איניגע רעקאָמענדיישאָנס וועגען אַן איינענעם אַ. ר. בית־יתומים און אַן אַ. ר. מושב־זקנים. אויך איז באַשלאָסען געוואָרען צו רעקאָמענדירען, אַז יעדער מעמבער וואָס ווערט אַריינגענומען אין אַ. ר. זאָל אויך זיך פאַרפליכטען אויסער זיין שטיצע צו דער ס. פּ. און די יוניאָן־באַוועגונג אויך שטיצען די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג.

אויפ'ן באלאָט זיינען נאָמינירט געוואָרען פאָלגענדע דעלעגאַטען: אייזדעלמאַן מיט 12 שטימען, סענדערס מיט 11, סיגעל מיט 8 און בויזגלער מיט 7, וועלכע וועלען אַזוי טאַקע אַרויף אויפ'ן באלאט.

אויפ'ן באַנקעט וואָס איז פאָרגעקומען נאָך דער קאָנפ. איז געשאַפען געוואָרען $28.05 פאַר די סטרייקענדע ווייסט־מייקערס.

דעבניקאָוו און ס. מילער, סעקרעטערע.

## די פיטסבורגער פאַר־קאָנפערענץ

פר. ל. ארקין, צייטווייליגער סעק. פון דער דיסטריקט קאָם., ערעפענט דעם פאַר־קאָנפערענץ, און פר. א. ראַבינסקי פון בר. 250 ווערט ערוועהלט אַלס טשערמאַן. פר. ל. ארקין פון בר. 45 ווערט ערוועהלט אַלס סעקרעטער.

פאָלגענדע זיינען פאַרטראָטען: פון בר. 45: ל. ארקין, ד. סיגעל, דזש. שאַפּירא, ס. אשרי, דזש. קאָהען און י. ראטבערג. פון בר. 250 א. ראַבינסקי און י. ראטבאַרט. פון בר. 158, אַלטאַנא, פּ. חייקין. פון בר. 161, מאַנעסאַן, י. קיגעל. פון בר. 416, ווילינג, י. קרוגמאַן. פון בר. 431, איסט פּיטסבורג, מ. קופּער. פון בר. 188, ניו־קענסינגטאַן, וו. אדעלמאַן. פון בר. 590, קנעלסוויל, א גאַרדאָן.

דער סעק. לעזט פאָר קאָמיוניקיישאַנס פון דזשענ. אָפיס, ווי אַזוי די עלעקשאָנס זאָלען פאָרקומען, אויך די נעמען וואָס זיינען נאָמינירט געוואָרען פון די ברענטשעס. עס ווערט באַשלאָסען, אַז מען זאָל נאָמינירען ביי דעם פאַר־קאָנפערענץ 4 דעלעגאַטען, און מען זאָל דאָס שיקען צום רעפערענדום צו די ברענטשעס פון דיסטריקט, פון וועלכע צוויי זאָלען ערוועהלט ווערען.

מען געהט איבער צו אַ דיסקוסיאָן פון רעקאָמענדאַציאָנען צום קאָנווענשאַן. עס ווערט דעבאַטירט וועגען האָבען פרייע ציירהן־קליניקס פאַר מעמבערס, אויך וועגען דיסטריקט דאָקטוירים. קיינע באַשליסע מאַכט מען ניט. די דעלעגאַטען וועלען האָבען אַ רעכט צו שטימען ביים קאָנווענשאַן לויט זייער פאַרשטאַנד.

דורך אַ פאַרמאַכטען באַלאָט שטימט מען פאַר די דעלעגאַטען, וועלכע זאָלען אַרויפגעהן אויפ'ן באַלאָט. דער רעזולטאַט איז פאָלגענדער: פריינד דזש. וויסבערג, בר. 45, קריגט 13 שטימען, פר. א. ראַבינסקי, בר. 250 — 12 שטימען. פּ. חייקין, בר. 158, און י. קרוגמאַן, בר. 416, צו 8 שטימען. די פיער נעמען געהן אַרויף אויפ'ן באַלאָט, אום צו געבען דער דיסט. קאָם. צייט צו מיטען. דערמיט ווערט דער פאַר־קאָנפערענץ געשלאָסען.

ל. ארקין, סעקרעטער.

## שיקאַגאָ'ער דיסטריקט אָרגאַניזאַציאָנס קאָנפערענץ פונ'ם א. ר.

די זעקס מאָנאַטליכע קאָנפערענץ פון שיקאַגאָ'ער אַ. ר. ברענטשעס אויסצוהערען אַ באַריכט פון דער דיסטריקט אָרג. קאָם. און פון דער נ. ב. אָף ד. איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען זונטאג פריה, דעם 16טען פעברואַר, אין 1129 וו 12טע סט.

נאָכדעם ווי פר. קראַוויץ ערקלערט די אויפגאַבען פון דער פאַרזאַמלונג ווערט פר. דזש. דייווידסאן פון בר. 176 ערוועהלט אַלס פאַרזיצענדער און ה. י. קאָהען פון בר. 540 אַלס סעק.

פאָלגענדע ברענטשעס זיינען פאַרטראָטען: 127, 131, 162, 176, 178, 236, 264, 319, 385, 391, 404, 422, 478, 516, 540, 541, 547, 552, 596 און די דיסט. קאָם.

פריינד בענענסאָן, דער דירעקטאָר פון אילינאָי סטייט, באַריכטעט פון דער לעצטער זיצונג פון דער נאַציאָנאַלער באָארד אָף דירעקטאָרס. צווישען אַנדערעס באַריהרט ער פאָלגענדע באַריכטען פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע. זינט דער אַ. ר. האָט אָנגענומען די נייע (פראַטוירנאל) רייטס איז ער לעגאַליזירט געוואָרען אין נאָך 14 סטייטס (קענעדע אריינגערעכענט). אין מאַסאַטשוזעטס סטייט איז אונמעגליך צו קריגען אַ טשאַרטער.

די צעהן טויזענד דאָלאַר, וועלכע די עקזעקוטיוו האָט זיך פאַרפליכטעט בייצושטייערען צום מיליאָן דאָלאַר פאָנד פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, איז בלויז געשאַפען געוואָרען זיבען טויזענד דאָלאַר. די אורזאַכען זיינען, ערשטענס, די אינפלוענציע מגפה און וואָס פיעלע ברענטשעס האָבען בייגעשטייערט צו זייערע לאָקאַלע קאַמפּיין־פאָנדס.

אונזערע טויטען־פעלע אין פאַרלויף פון די מאָנאַטען אָקטאָבער, נאָוועמבער און דעצעמבער זיינען געוועזען מיט 87 מעהר ווי אין דעם גאַנצען יאָהר פון 1917. וועהרענד מיר האָבען אין 1917 געהאַט 183 טויטען־פעלע, וועלען מיר אין יאָהר 1918 האָבען 418, מיט 235 מעהר ווי פאָריגען יאָהר. אָבער אַ דאַנק אונזערע פאַסענדע צאָהלונגען האָט דאָס אונז ניט צוגעדריקט, ווי אַנדערע פראַטוירנאל אָרדענס. מיר האָבען זאָגאַר ניט געריהרט אונזער רעזערוו־פאָנד.

מיר האָבען 16 טויטען־פעלע אין דער אַרמעע, פון וועלכע 5 זיינען גע'הרג'עט געוואָרען דירעקט אין שלאַכט.

דער קאָנסאָמפּשאָן פאָנד פאַרמאָגט אַ סורפּלוס פון 45,000 דאָלאַר.

די זעכציג טויזענד דאָלאַר פון קראַנקען פאָנד זיינען כמעט אין גאַנצען פאַרנוצט געוואָרען צוליעב דער עפּידעמיע.

דער סאַניטאַריום בילדונגס פאָנד האָט אַ סורפּלוס פון 15,000 דאָל. דער סאַניטאַריום אויפהאַלטונגס פאָנד איז אין אַ דעפיציט. די אורזאַכען דערפון זיינען דער יקרות אויף לעבענסמיטלען און אויך צוליעב דעם וואָס מ'מוז יעצט צאָהלען העכערע סאַלאַרים צו די אָנגעשטעלטע.

דער אָרגאַניזאַציאָנס פאָנד האָט ניט קיין דעפיציט און ניט קיין סורפּלוס. דער אדמיניסטריישאָן פאָנד האָט אַ סורפּלוס 4,000 דאלאַר.

דער „פריינד" האָט אַ סורפּלוס פון 2,700 דאָלאַר.

דער קאָנווענשאָן פאָנד האָט יעצט אַ סורפּלוס פון 4,000 דאלאַר. נאָך דער קומענדער קאָנווענשאָן איז צו ערוואַרטען אַ דעפיציט פון 6,000 דאלאַר.

פון די ביכער וואָס די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט אַרויסגעגעבען זיינען פיער טויזענד אויספאַרקויפט געוואָרען, די איבעריגע וועלען פאַרנוצט ווערען פון דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָם. אַלס פּרעמיומס פאַר אריינגעמען מעמבערס.

די קאַרל מאַרקס יובילעאום אויסגאַבע, וואָס איז אָפּגעקויפט געוואָרען פון דער סאָצ. פעדעראַציע, זיינען צו פאַרדאַנקען אַ גוטען איינפאַל פון פריינד י. ב. ביילין פון דער עדיוק. קאָם. כמעט אינגאַנצען אויספאַרקויפט. די עדיוק. קאָם. האָט אויך אַרויסגעשיקט גענ. א. ש. זאַקס אויף אַ לעקטשור־טור. זיי זיינען גרייט צו העלפען אָרגאַניזירען קינדער־שולען און אויך מוזיקאַלישע און דראַמאַטישע פאַראיינען. זיי האָבען זיך פאַראייניגט מיט די יוניאָנס מיט'ן צוועק דורכצופיהרען לעקטשורס און מוזיקאַלישע אונטערנעהמונגען.

נאָכדעם ווי דער באַריכט־אָפּגעבער ענטפערט איניגע פראַגען פון די דעלעגאַטען, ווערט דער באַריכט גוטגעהייסען.

דער באַריכט פון די טעטיגקייטען פון דער דיסט. אָרג. קאָם. לויטעט: צוליעב דער אינפלוענציע עפּידעמיע, וועלכע האָט אָפּגעשטעלט די טעטיגקייטען פון די ברענטשעס פאַר אונגעפעהר צוויי מאָנאַטען, האָבען זיי ניט געקענט פיעל אויפטאָן. די קאָם. איז אינסטאָלירט געוואָרען דעם 19טען אויגוסט. אַלע מיטגליעדער, מיט דער אויסנאַהמע פון צוויי, האָבען אַטענדעט.

די ערשטע אַרבייט פון דער קאָמיטע איז געוועזען דורכצופיהרען דעם באַשלוס פונ'ם לעצטען קאָנפערענץ וועגען אַן אַטאַקע, וואָס איז געוועזען געדרוקט אין „די וועלט", געגען גערשוני בר. 404. די פאַרוואַלטונג פון „די וועלט" האָט געדרוקט אַן ערקלערונג וועגען דעם.

וועגען דער קיום פון בר. 65 האָבען זיי ניט געקענט האַנדלען צוליעב דעם, וואָס דער ברענטש האָט אריינגענומען דעם מעמבער אַלס „עהרען"־מיטגליעד נאָכדעם ווי זיי זיינען געאָרדערט געוואָרען איהם צו געבען אַ טרענספער, ער זאָל זיין אַ מעמבער עט לאַרדזש, כדי ער זאָל ניט פאַרטרעטען אין קיין פאַל דעם אַרבייטער רינג.

זיי האָבען אַפּעלירט צו די ברענטשעס, אַז זיי זאָלען שאַפען אַ פאָנד צו העלפען רייזענדע מיטגליעדער פון אַ. ר., וואָס ווענדען זיך נאָך שטיצע. דער אַפּיעל האָט אַריינגעבראַכט אונגעפעהר 100 דאלאַר. זיי האָבען אויפגעפאָדערט די ברענטשעס צו זיין טעטיג אין קאַמפּיין פאַר מעמבערס. זיי האָבען אויך אַראַנזשירט מיט [illegible] אַ מאַסמיטינג און אַ דזשאָינט מיטינג. דער מאַסמיטינג איז געוועזען אַן ערפאָלג, וועהרענד דער דזשאָינט מיטינג איז געוועזען אַ דורכפאַל. זיי האָבען אויך אויף דעם פאַרלאַנג פון מייוואוד'ער בר. 819 באַרטען אַראַנזשירט אַ מיטינג מיט פר. עפּשטיין. דער מייוואוד'ער מיטינג איז געוועזען אַן ערפאָלג.

שיקאַגאָ'ער מיטגליעדערשאַפט האָט זיך פיעל פאַרגרעסערט. אַ באַווייז דאפיר איז, וואָס מיר זיינען היינטיגס יאָהר בארעכטיגט צו אַכט דעלעגאַטען אנשטאָט זיבען, ווי ביז יעצט. פינף נייע ברענטשעס זיינען אָרגאַניזירט געוואָרען, נאָך איינער וועט אין גיכען אָרגאַניזירט ווערען. זיי האָבען באַזוכט 65 מיטינגען, האָבען אונטערזוכט די ביכער פון בר. 103 און 567, האָבען גערופען אַ מיטינג פאַר די מיטגליעדער פון בר. 464, ווייל דער ברענטש האָט פאַר וואָכען לאַנג ניט געמיטעט. פון 60 מיטגליעדער זיינען ביי'ם מיטינג אנוועזענד געוועזען 40. זיי האָבען זיך פאַרפליכטעט צו ווערען אַקטיוו.

זיי האָבען אָנגעשטעלט דר. האַלפּערן אַלס דיסטריקט מעדיקאַל עקזאַמינער אויפ'ן פּלאַץ פון דר. אַקערמאַן, ווען מ'קען ניט טרעפען אין אָפּיס.

עס ווערען געשטעלט פיעלע פראַגען און נאָכדעם ווי דער באַריכט־אָפּגעבער ענטפערט די פראַגען, ווערט דער באַריכט גוטגעהייסען.

פאָלגענדע ווערען ערוועהלט אַלס דעלעגאַטען צו דער דיסט. אָרג. קאָם.: ל. קאָהן און פאַרבער.

צום סוף ווערט דיסקוטירט די פראַגע וועגען די פרייזען פאַר אַ דאָקטאָר עקזאַמינייִשאָן, ווען דער קאַנדידאַט איז איבער פערציג יאָהר. דער קאָנפערענץ נעמט ניט אָן קיין באַשלוס וועגען דעם.

דערמיט ווערט דער מיטינג געשלאָסען.

ה. י. קאָהען, סעקרעטער.

## אַלענטאַון טעריטאָריעלע קאָנפערענץ

זונטאג דעם 23טען פעב. איז פאָרגעקומען אונזער טעריטאָריעלע קאָנפערענץ צו נאָמינירען דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאַן. עס זיינען אנוועזענד געוועזען לעווין פון אַלענטאַון, קלאַוזע פון איסטאָן, פאָרמאַן פון סקרענטאַן, מישקין פון לאַנקאַסטער, סמיטה פון בעטלעהעם און וואָלפסאָן פון העריסבורג. עס זיינען ערוועהלט געוואָרען ס. לעווין אַלס טשערמאַן און א. וואָלפסאָן אַלס סעקר. — עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט פון די באַריכטען, אַז אַלע ברענטשעס אַרבייטען ענערגיש אין דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין צו דערגרייכען די קוואָטאַס. עס זיינען געמאַכט געוואָרען אַ גאַנצע רייהע רעקאָמענדאַציאָנען צו דער דעטראָיטער קאָנווענשאָן. דער דעלעגאַט פון סקרענטאָן האָט רעקאָמענדירט, אַז אין דער צוקונפט זאָל מעהרער געלד אַפּראָפּריאירט ווערען פאַר אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבייט אין דער קאָנטרי. דער דעלעגאַט פון לאַנקאַסטער האָט רעקאָמענדירט, אַז עס זאָלען ווערען געבילדעט ספּעציעלע דיסטריקט אָרגאַניזאַציען קאָמיטעס, וואָס זאָלען אָנפיהרען די אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבייט צווישען די קלענערע ברענטשעס. דער העריסבורגער דעלעגאַט האָט רעקאָמענדירט, אַז דער אַ. ר. זאָל זיך נעמען גרינדען דעם בית־יתומים, וועגען וועלכען עס ווערט יעצט פיעל גערעדט אין די אַ. ר. קרייזען. דער אַלענטאַונער דעלעגאַט רעקאָמענדירט, אַז מ'זאָל זיך מעהר אָפּגעבען מיט דער עדיוקיישאָנאַל אַרבייט פון די קליינע קאָנטרי שטעדטלאַך אויפווייזענדיג אַז די קאָנטרי קריגט ניט איהר גערעכטען חלק פון דעם עדיוקיישאָנאַל בודזשעט. צו דער קאָנווענשאָן זיינען נאָמינירט געוואָרען א. וואָלפסאָן פון העריסבורג און א. פאָרמאַן פון סקרענטאַן. די קאָנפערענץ האָט זיך געשלאָסען מיט דעם וואונש פון אַלע דעלעגאַטען צו אַרבייטען נאָך מעהרער ווי פריהער פאַר דער ווייטערדיגער ענטוויקלונג פון אַ. ר.

**אַלע איבעריגע באַריכטען, רעקאָמענדאַציאָנען און קאָרעספּאָנדענצען וועלען אַריין אין מאַי נומער**

To the Postmaster:—Please give key number on all notifications pertaining to change of address.




אפיציעלער אָרגאַן פון אַרבייטער רינג

**פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער פאראייניגט אייך!**

# קאָנווענשאָן נומער

## אינהאַלט:



# THE FRIEND

OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMEN'S CIRCLE

MAY, 1919 — מאַי, 1919

# THE FRIEND

OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMEN'S CIRCLE

Published Monthly

ABRAHAM EPSTEIN, National Chairman
S. WALLACE, National Vice-Chairman
M. J. ASPIS, Sec'y N. B. of Directors

I. B. BAILIN, Managing Editor

J. BASKIN, General Secretary
P. GELIEBTER, Recording Secretary
M. PERLOVITZ, Treasurer

Office of Publication:
62 Van Buren Street, Passaic, N. J.
General Office:
175 E. Broadway, New York, N.Y.



Subscription Rates:
Per Annum, 50c. Six Months, 25c.
Single Copy, 5 cts.

Entered as second class matter April 21, 1911, at the Post Office at Passaic, N. J.




עס לעבע דער אינטערנאַציאָנאַלער יום-טוב, דער ערשטער מאַי!

# THE FRIEND



# דער פריינד

Vol. X — MAY, 1919 — No. 5


# פון מאנאט צו מאנאט

„אונזער דהי מאַפּ" ... ווען אפילו די דעלעגאטען צו אונזער ניינצעהנטער קאָנווענשאַן אין דעטראָיט זאָלען קומען מיט די קריטישסטע אבזיכטען, מיט די שטרענגסטע וואָגען און מאָסען, וועט זיך אויך ארויסווייזען, אַז די גענעראַל־עקזעקוטיווע האָט פאר דעם קאָנווענשאָן־יאָהר גלענצענד אויסגעהאַלטען דעם עקזאמען און נאָך אפילו איבערשטיגען פיעל ערוואַרטונגען.

שוין פון די „טרוקענע" רעפּאָרטען אליין, וואָס געפינען זיך אין דעם נומער, וועט דער לעזער קענען פאָרמירען אַ נישקשה'דיגען באגריף וועגען די פארשיעדענע פאראנטוואָרטליכע ארבייטען, וואָס אונזערע פערוואלטער האָבען געדארפט אדורכפיהרען, און וועלען קענען אונטערציהען אַ פאָלשטענדיג צופריעדענשטעלענדען סך־הכל.

כמעט אלע אונטערנעהמונגען פון דער גענעראַל־עקזעקוטיווע, מיט דער אויסנאַהמע פון איינער, האָבען זיך נישט נאָר איינגעגעבען לויט'ן אָנגעצייכנעטען פּלאַן, נאָר ווייט אריבערגעשפּריזט דעם גרעניץ, וואָס איז זיי געשטעלט געוואָרען. סיי אין די אינוועניגסטע ספּעציעלע ארבייטער־רינג אנגעלעגענהייטען, סיי אין די אלגעמיינע געזעלשאַפטליכע ארבייטען, אין וועלכע אונזער גענעראַל־עקזעקוטיווע האָט זיך אריינגעוואָרפען, האָט זיך ארויסגעוויזען אַ מערקווירדיגע מזל ברכה, אַן ערשטוינליכע שפע. נאטירליך ליעגט די הויפּט־אורזאַכע פון דעם אין די נאטירליכע קרעפטיגקייט פון אָרדען, אין זיינע מאַטעריעלע און גייסטיגע רעסאורסעס, אין דעם צאָהלרייכען קאָנטינגענט פון איבערגעגעבענע טוער און ליידענשאַפטליכע קאמפּיינער. אָבער נאָך אלעמען איז די בראַווסטע ארמעע שטענדיג אויסגעשטעלט צו פארשיעדענע געפעהרליכע צופעלע, אויב זי ווערט נישט געפיהרט פון געניטע און ווייטזיכטיגע מארשאלען. זי וועט קיינמאָל נישט קענען אויסנוצען פאָלשטענדיג יעדע גינסטיגע געלעגענהייט, אויב איהר קאָמאַנדע שטעהט נישט אויף דער הויך פון איהר אויפגאבע, אויב זי ערפילט נישט די פליכטען, וואָס ס'האָט אויף איהר ארויפגעלעגט.

מיט דער אויסנאַהמע פון דעם קאמפּיין פאר'ן סאָציאַליסטישען מיליאָן־דאָלאר־פאָנד, וועלכער האָט זיך נישט איינגעגעבען אינגאנצען לויט דעם ציעל וואָס איז געשטעלט געוואָרען, איז אדורכגעפיהרט געוואָרען אַ בריליאנטענער קאמפּיין פאר דעם 25 טויזענד דאָלאר פאָנד, וועמענס אימפּעט עס האַלט נאָך יעצט אויך אָן. גראדע האָט אין דעם רעכטען מיטען קאמפּיין פאר'ן מיליאָן דאָלאר פאָנד אריינגעשפּאנט די אינפלוענציע מגפה מיט שנעלע שפּריוז און האָט צושטערט אלע פּלענער און ערוואַרטונגען. דאָס האָט געשטערט, אויף אַ געוויסער צייט, אין אלגעמיין דעם נאָרמאלען ענטוויקלונגס־גאנג פון דער אָרגאַניזאַציאָן. אין פיעלע, פיעלע ערטער זיינען אלע מיטינגען פארוועהרט געוואָרען. אין אנדערע ערטער האָט די עפּידעמיע אזויפיעל חורבות אָנגעמאַכט, אַז דער גאנצער אָרגאַניזאַציאָנס־אַפּאַראַט איז אויף אַ ווײַלע צוטרייסעלט געוואָרען. טראָץ אזעלכע אויסערגעוועהנליך אונגינסטיגע באדינגונגען האָבען מיר דאָך געזאמעלט ארום זיבען טויזענד דאָלאר פאר'ן מיליאָן דאָלאר פאָנד און האָבען זיך גלייך נאָכדעם, ווי דער ערשטער אונערוואַרטעטער, פארטויבענדער קלאַפּ איז פארגאנגען, צוריק געפונען. אין די סאַמע לעצטע מאָנאַטען האָט די עקזעקוטיווע אָנגעפיהרט גלייכצייטיג צוויי אויסגעצייכענטע קאמפּיינס, פאר 70 טויזענד מעמבערס און פאר די מלחמה־קרבנות, אין דער צייט, ווען די מגפה איז נאָך אלץ נישט פארשטילט געוואָרען און האָט נאָך דאָ און דאָרטען ארויסגעוויזען איהרע בעסטיאַלע צייהן.

דער זיכערסטער און גלויבענסווערטהער עדות וועגען דער קרעפטיגקייט פון אַ בוים איז דער שטורעם. ער וועט אייך שוין גענוי איבערגעבען וועלכער בוים ס'האָט טיעפע געזונטע וואָרצלען און וועלכער פוצט זיך נאָר פון אויבען מיט גרינס און צווייגלאַך. עס איז דאָסזעלבע ריכטיג בנוגע צו אַן אָרגאַניזאַציאָן. אין אַ געוועהנליכער צייט קען זיך יעדע גרופּקע, אָדער אונבאדייטענדע כנופיא אויספּוצען מיט פעדערען, צופאַרבען זיך, אָנבלאָזען זיך און פיגורירען אלס אַ „שטאַרקע" אָרגאַניזאַציאָן. ווי עס קומט אָבער די אויסערגעוועהנליכע צייט, ווען שטורמען טרייסלען אראָפּ די אויבערשטע קליידער, דאַן ווערט קלאָר ווער איז ווער. די זיכערקייט און גראַניט־פעסטקייט פ[ון] ארבייטער־רינג האָט זיך אַם בולט'סטען ארויסגעוויזען דורך ד[י] לעצטע 6־7 מגפה מאָנאַטען. קיין איין ווינקעל־שטיין פון איינעם פון אונזערע פאָנדען האָט זיך נישט אַ ריהר געטאָן, טראָץ די אונערהערטע קראַנקען־ און טויטען־פעלע, וואָס איז פאָרגעקומען צוליעב דער מגפה און מלחמה. אין דעם ערשטען קוואַרטאל פון דער מגפה אליין האָט דער א. ר. אויסגעצאָהלט א י ב ע ר ה ו נ ד ע ר ט ט ו י ז ע נ ד ד אָ ל א ר סיק־בענעפיט. און דאָך וועט די גענעראַל־עקזעקוטיווע נישט קומען צו דער קאָנווענשאָן מיט קיינע דעפיציטען אין וועלכע עס איז פון די הויפּט־פאָנדען און וועט נישט פאָדערען קיינע ספּעשעל אססעסמענטס, ווי עס זיינען געצוואונגען געווען צו טאָן צעהנדליגע אָרדענס. סיי דער טויטען־פאָנד, סיי דער סיק־בענעפיט פאָנד זיינען אייזען־שטארק. די רעזערוו־פאָנדען דארפען נישט געריהרט ווערען. די מיטגליעדערשאַפט וואַקסט, אַז עס זיינען נישטאָ גענוג „הענט" אין אָפיס צו ספּראַווען זיך מיט די אַפּליקיישאָנס. אלע קאָמיטעס קומען מיט ערמוטיגענדע רעפּאָרטען און האָבען צו פארצייכענען גאנץ באדייטענדע אויפטואונגען. אלע האָבען, אלס אַנסאַמבל, ערפילט זייערע אויפגאבען.

און אויב אין די צוויי וויכ[illegible]טע קאמפיינס איז דער א. ר. ארויף „אוועער דהי טאפ", [illegible] זיך אלע קאמיטעס גלייך טיילען מיט דער פארדיענטער עהרע.

* * *

דער גורל איז אבער געפאלען אויף דער ארגאניזאציאנס־קאמיטע, צו קומען, אלס קאמיטע, צו דער קאנווענשאן מיט דעם אויסזיכט צו קריגען דעם גרעסטען בייפאל. דוכט זיך, דאס איז דער גרעסטער נעט־צופלוס פון מיטגליעדערשאפט, וואס דער א. ר. האט ווען עס איז געהאט פאר איין יאהר, מיט דער אויס־נאהמע פון דעם באנער־יאהר 1908. מיר קענען זיך פארשטעלען, אז ווען נישט די אונטערברעכונג, וואס די עפידעמיע האט פאר־אורזאכט אין דעם מעמבערשיפ קאמפיין, וואלטען געווים די רעזולטאטען געווען נאך ערשטוינליכערע. עס איז ריזיקאליש די באהויפטונג, אז גראדע די עפידעמיע איז פאראנטוואָרטליך פאר דער גרויסער שפע אין מעמבערשיפ קאמפיין, וואס מענשען האבען איינגעזעהן ווי הילפלאז זיי זיינען ווען עס קומט אן א מגפה. אהן א לעבעדיגען, ענערגיש־אינספירירטען מעמבערשיפ־קאמפיין וואלטען אזוי פיעל טויזענדער נישט איינגעזעהן, אז זיי מוזען גראדע באלאנגען צום א. ר. די ספעציעלע דאנקבאר־שאפט, וואס מיר האבען צו דער עקזעקוטיוו קאמיטע און צו דער ארגאניזאציאנס קאמ. בפרט, איז, וואס זי האט אויסגענוצט דעם ריכטיגען מאמענט און האט זיך נישט פארלארען. אגב האט אויך די ניו־יארק ארגאנ. קאמ. זעהר א גרויסען חלק אין דעם נעהן „אוועער דהי טאפ".

* * *

פון דעם באריכט פון דער בענעפיט קאמיטע קען מען זיך אביסעל פארשטעלען ווי שווער עס איז געווען די קארעספאנ־דענץ אין אפיס נאר צוליעב דער מגפה אליין און איהרע עפעק־טען, ווען דער אומגליק האט געמוזט אונפארמיידליך לויז מאכען די שטרענגע און פינקטליכע איינפיהרונגען פון אפיס בנוגע די טויזענדער סיק־סערטיפיקייטס אויף א געוויסער צייט. און נעמט מען אויך אין אכט די פיעלפאך פארגרעסערטע קארעס־פאנדענץ אויך צוליעב די פיעלע טויטען־פעלען, מעמבערשיפ [ק]אמפיין, מיט טויזענדער נייע אפליקיישאנס, לעגאליזאציע אין [פא]רשיעדענע סטייטס א. א. וו., קענען מיר פארשטעהן, אז דער [גענ]עראל־סעקרעטער־צוזאמען מיט דער אפיס קאמיטע האבען [אוי]ף א געלונגענעם און עקאנאמישען אופן אדורכגעפיהרט א [פלי]עזיגע ארבייט מיט א באגרעניצטע הילף און דאס נאך מיט א [ב]ערקווירדיגער פינקטליכקייט, אזוי אז אפילו אין די סיק־סער־טיפיקייטס איז נאר דער אפיס געווען צייטענווייז הינטערשטעל־ליג אין 3—4 וואכען.

* * *

עס איז גאנץ נאטירליך, וואס די בענעפיט קאמיטע האט צוליעב די אויבענדערמאנטע אורזאכען אויך געהאט גענוג וואס צו טאן. עס זיינען געווען מעהר צווייפעלהאפטע, שטרייטבארע בענעפיט קייסעס ווי ווען עס איז אין דער פראקטיק פון דער קאמיטע. דער פארשלאג, וואס קומט פון דער נ. ב. א. ד. אפ־צושאפען די בענעפיט קאמיטע, נעמט זיך נישט דערפון, וואס זי האט נישט ערפילט די פליכטען, וואס מ'האט אויף איהר ארויפגעלעגט, נאר פון דעם, וואס די פליכטען קענען אויך ארויפגעלעגט ווערען אויף דער אפיס קאמיטע. זי האט כשר פארדיענט אנערקענונג פאר איהר ארבייט.

* * *

די גריוועגס קאמיטע, וואס האט אין פלוג, דוכט זיך, גאר נישט צו טאן מיט די וויכטיגסטע אויפטואונגען אין א. ר. פאר'ן לעצטען יאהר, קומט אויך מיט אן אינטערעסאנטען באריכט. אין דער אמת'ן איז דער וואוילשטאנד פון דעם ארדען אויך אפ־הענגיג פון דער גריוועגס קאמיטע. אויב קייסעס צווישען מעמ־בערס און ברענטשעס, אדער צווישען ברענטשעס און מעמבערס, אדער צווישען די לעצטע און דעם אפיס, ווערען נישט ערלעדיגט גערעכטמעסיג, פאראורזאכט עס צוויסטיגקייטען און רייבונגען פון וועלכע עס קומט נישט צו קיין גוטעס דעם ארדען. אין די מעהרסטע קייסעס האט די גריוועגס קאמ. מיט איהרע פאסענדע און לאגישע ענטשיידונגען איינגעשטילט די געמיטהער און גע־שאפען הארמאניע און שלום צו אלעמענס צופריעדענהייט און דאנקבארקייט.

* * *

זעהר א שווערען יאהר ארבייט, און פיליכט דעם שווער־סטען, וואס זי האט ווען געהאט, איז אויסגעקומען צו האבען די סאניטאריום קאמיטע. זי האט שטענדיג צו פארוואלטען דעם גרעסטען בודזשעט און אן אינסטיטוציע, וואס איז צעהנד־ליגע מייליען ווייט פון ניו־יארק. די מעמבערס פון דער קאמ. קומט כמעט אוים צו מאכען די שווערסטע אנשטרענגונגען און האבען אויף זייערע פלייצעס אפטמאל גאנץ שווערע קאמפלי־צירטע סיטואציאנען. פאר דעם לעצטען יאהר איבערהויפט, האבענדיג צו ראנגלען זיך מיט אזעלכע שווערע פראבלעמען ווי דער שטייגענדער יקרות אויף פראדוקטען, דער דוחק אין הילף און פאסענדע ארבייטס־הענד און, הויפטזעכליך, די פארשיע־דענע וועקסלונגען פון די דאקטוירים אין סאניטאריום, האט די סאניטאריום קאמ. געווים פארדיענט א גרויסען דאנק פאר איהר שווערער, געוויסענהאפטער און פאראנטוואָרטליכער ארבייט.

* * *

ליידער איז אונמעגליך, צוליעב פארשטענדליכע אורזאכען, אויסצודריקען אויך אונזער אנערקענונג צו דער עדיוקיישאנאל קאמ. מיר שיקען אפ דעם לעזער צו דעם קורצען און אינטע־רעסאנטען באריכט אויף א צווייטען ארט אין דעם נומער, וואס עס ווערט שוין אויך באריכטעט וועגען „פריינד".

אין אלגעמיין ערווארטען מיר, אז אויך די 19טע דעטראי־טער קאנווענשאן וועט אדורכפיהרען איהר ארבייט אזוי הארמא־ניש און ערפאלגרייך, ווי עס האט געטאן איהר ארבייט די אדמי־ניסטראציע פון ארבייטער־רינג א גאנצען יאהר. די מיינונגס־פארשיעדענהייטען וועגען די פראגען, וואס שטעהען אויפ'ן טאג־געס־ארדנונג, זיינען נישט קיין גרויסע; די ליידענשאפט צו גרויסע אויפטואונגען איז גראדע א גרויסע און א ריעזיגע. עס בלייבט איבער פאר די דעלעגאטען צו טאן דאסזעלבע, וואס די גענעראל־עקזעקוטיווע האט געטאן — מיט ליעבע און טריי־הייט צו אונזער שעהנעם, טייערען ארדען — צו געהן „אוועער דהי טאפ"!

---

און ווען דעבס איז שוין אונטער די אייזערנע צאמען, נו, וועלען שוין טאקע דערמיט אויך פארצאמט ווערען זיינע ברי־ליאנטענע געדאנקען ? !

* * *

שווייגט און הארכט: דער פאריזער רוימער האהן הייבט אן צו קרעהען . . .

פאר די לעצטע צוויי קווארטאלען האט דער א. ר. אויסגעצאהלט איבער הונדערט זעכציג טויזענד דאלאר סיק בענעפיט אהנע צו ברעכען דעם פאנד. איהר מעגט מיט דעם שטאלצירען. אבער נאך מעהר מעגט איהר צופריעדען זיין, אויב איהר זייט נישט געווען קיין שותף צו די הונדערט און זעכציג טויזענד דאלאר

אב. וויקטאָר:

# א „ברוך-הבא“

(צו די דעלעגאַטען פון דער 19טער קאָנווענשאַן ארבייטער רינג, דעטראָיט, מיש.)

ווילקאָמען, פריינדע דעלעגאַטען!
געווינשטע געסט, ווילקאָמען זייט!
געבענשט עס זאָלען זיין די טאַטען,
וואָס איהר וועט טאָן אין דיעזער צייט.

עס בליהט אַ פריהלינג איצט אַ נייער,
די וועלט באקומט אַ ניי געשטאַלט.
עס בלאָזען ווינטלאַך מילדער, פרייער,
די קייט פון גוואַלד אין שטויב צופאַלט. —

איין רינג נור ווערט אַלץ שטאַרקער, פעסטער,
דער רינג וואָס בלייבט אונז אימער טריי;
דער אַרבייטס-רינג, דער רינג דער בעסטער,
וואו איהר און מיר זיך פיהלען פריי.

* * *

ווילקאָמען, פריינדע דעלעגאַטען
פון אונזער רינג, — ווילקאָמען זייט!
געבענשט עס זאָלען זיין די טאַטען,
וואָס איהר וועט טאָן צו יעדער צייט...

## די נאָטען צו „די בויער“ פון לעצטען נומער „פריינד“

מוזיק פון סאָלאָמאָן גאָלוב

A. Victor — Die Boier — Solomon Golub

Con fuoco

Ge sich-ter un O-rems fun we-ler far-bron-te be- we-gun-gen si-chere Muhtig un Stolz Sei Boi-en, die Boi-er, Zu Ar-bet gewoi-te un hocken die stei-ner un se-gen die holz Sei Boi-en un singen a ni-gen an al-ten sai sumer dem heis-sen sai win-ter dem kal-ten sei Boi-en un sin-gen a ni-gen an al-ten sai win-ter dem heissen sai sumer dem kal-ten Mir Boi-en Mir Boi-en

Ped. *

געזיכטער און אָרעמס פון וועטער פאַרברוינטע,
באוועגונגען זיכערע, מוטיג און שטאָלץ, —
זיי בויען די בויער, צו אַרבייט געוואוינטע,
און האַקען די שטיינער און זעגען די האָלץ;
זיי בויען און זינגען אַ נגון, אַן אַלטען,
סאַי זומער דעם הייסען, סאַי ווינטער דעם קאַלטען: —
מיר בויען, מיר בויען!
די אַלטע בנינים מיר ברעכען, צושטערען,
פאַר נייע בנינים דער פּלאַץ זאָל זיין גרייט.
מיר גלייכען אוים גריבער, און בערג מיר פאַרקעהרען
און אונזער געזאַנג-ליעד טראָגט פריי זיך און ברייט:
שלאָג, האַמער! ברעך שטיקער פון שטיין פונ'ם קאַלטען,
אַ ווידער-קול שאַלט אָפּ פון וואַלד, פון דעם אַלטען —
מיר בויען, מיר בויען!
אַמאָל אויך עס טרעפט זיך, מיר ברעכען, צוואַרפען
אַ הויז צי אַ קאַמער, וואָס נור געבויט;
אַ טעות פאַרריכטען מיר מוזען, מיר דאַרפען,
די אַרבייט פון בויען איז אונז דאָך פאַרטרויט.

די אַרבייט פון בויען איז הייליג און טייער,
צוגים, דו געזאַנג זיך, צוגליה זיך ווי פייער —
מיר בויען, מיר בויען!
מיר בויען פון דורות פאַר דורות וואָס קומען —
ביים בויען נישט איינער געפאַלען איז טויט —
די זעג, האַק און האַמער, דאָך וועלען ניט שטומען,
ביז פאַרטיג דער בנין וועט שטעהן אויפגעבויט.
מאַכט שטאַרק דעם פונדאַמענט, עס זאָל ניט צופאַלען,
ברעכט שטיינער, שניידט העלצער, זאָל הילכען און שאַלען:
מיר בויען, מיר בויען!

* * *

באוואפענט זיי שטעהען מיט העק און מיט זעגען,
די קליידער פאַרשמירטע אין קאַלך און אין לוים;
אין קעלט און אין היצען, אין זון און אין רעגען —
זיי בויען, די בויער, אַ הוים נאָך אַ הוים.
און זינגען געזאַנגען פון ליעבשאַפט און טרויען:
מיר בויען אויף וועלטען, ווען איינציג מיר בויען —
מיר בויען, מיר בויען!

# דער ערשטער מאַי

פון י. ב. ביילין

א טאָג פון ליכט און פרייד, פון זון און שעהנקייט, פון לוסט און וואַרעמקייט, פון בליהטען און טרוימען, פון בעז און לעב־גונגען — איז דער ערשטער טאָג אין מאַי.

דער יום־טוב פון דער נאַטור אליין — איהר אמת'ער געבורטס־טאָג; דער פייערטאָג פון דער שאַפונג — איהר ווירקליכע פאַרקערפּערונג. דער ראש־השנה פון אויפלעבונג, פון ווידערגעבורט. דער טאָג, אין וועלכען עס רעפלעקטירען זיך מעשי־בראשית, ווען געטליכקייט און כשוף שטרענגען זיך אָן, מיט זייערע וואונדער, איינע די אַנדערע אין פאַרלעגענהייט צו ברענגען — דער ערשטער טאָג פון שעהנעם מאַי...

האָט ארבייט געקענט א שעהנערען טאָג געפינען, וועלכער זאָל געבען איהר פולסטען אויסדרוק? האָט פראַצע געקענט א פאַסענדערע צייט קריגען, אין וועלכער זי זאָל אראָפּוואַרפען פון זיך די „אָוועראָלס“ פון יאָך און אָנציהען אויף זיך די בגדי־יום־טוב פון האָפנונג און פרייהייט?

האָט א צו'שחט'ענע און א צובלוטיגטע מענשהייט געקענט אויסקלייבען א גינסטיגערען טאָג, אין וועלכען צו פּראָקלאַמירען די ברידערליכקייט פון דער גאַנצער מענשליכער ראַסע, שלום און ליעבע צו אלע ווינקעלאך פון דער ערד?

דער יום־טוב פון ארבייט און פון ליכט. גיט עס נאָך א געלונגערע קאָמבינאַציע? דער יום־טוב פון פרייהייט און בליהונג, פון שעהנע האָפנונגען און פעטליעס בעז, פון זונען־שטראַלען און וואַרעמע הערצער, פון בלויע הימלען און פלאַטערענדע פאָהנען...

ערשט דרייסיג יאָהר ווי ער איז פּראָקלאַמירט געוואָרען און זעהט וויפיעל מיליאָנען הערצער עס קלאַפּען פאַר פרייד און פאַר שפּאַנונג. זעהט וויפיעל קערפּערשאַפטען און פאַראיינען עס האָבען איהם אָנגענומען, וויפיעל פעלקער און לענדער האָבען איהם אויסגעקריצט אויף די טאָוולען פון געזעצגעבונג!

פון וולאַדיוואָסטאָק ביז ברעמען, איבער די לאַנגע און ווייטע קייטען בערג פון אלטיי און אוראַל, אויף די הויכקייטען פון דעם עלברוס, איבער די רוקענס פון די קאַרפּאַטען און אַלפּען, אויף די משופּע'דיגע טיראָלער טעראַסען וועט זיך זיין שטורעם־געזאַנג טראָגען. פון די קאַלטע און קאַלאַמוטנע וואַסערען פון דעם יעניסיי און באַקאַל ביז די בלויע שפּינעל־פלעכע פון דעם דאָנוי וועט זיין ליעד הילכען. און זיין רויטע זיעגעס־פאָהן וועט שטאָלץ פלאַטערען פון אלע ספּיראַלע הויכקייטען אין דעם קרעמלין, פון אלע טורעמס אין צאַרסקאָיע סעלאָ, אויף אלע הויפאָלען אין דעם פאַנטאַסטישען קיעוו, פון די וועלדער מאַסטבוימער אין קראָנשטאַדט, אָדעסאַ, האַמבורג און ברעמען, הויך, הויך איבער די געוועזענע קייזער־פּאַלאַצען אין בערלין, מינכען, בודאַפּעסט און וויען, איבער די פריהערדיגע צאַר־דוואָרצען אין פּעטערבורג, מאָסקווא, פּעטערהאָף און יאַלטאַ!

וואָס פאַר א קאָנגלאָמעראַט פון פעלקער און לשונות, פון נאַציאָנען און ראַסען! וואָס פאַר א פאַרבענרייכקייט אין קאָסטיומען! וואָס פאַר א פאַרשיעדענאַרטיגקייט פון פייערען! אָבער אלע באַהערשט פון איין גליהענדען געדאַנק, אלע אדורכגעוועבט פון איין צאַרטען געפיהל, אלע באַזעעלט מיט דער נשמה פון דעם נייען, פרייען מענשען...

זאָל לעבען דער מענש! — זאָל עס אַרויסקוועלען פון יעדער ברוסט. זאָל זיין הייליג יעדע האָר אויף זיין קאָפּ און טייער די טרעהר פון זיין אויג. זאָל דאָס ליעב שמעקען מיט די בשמים פון זיין נשמה און די נשמה זאָל ציהען, ווי זיין רייצענדע ליעב...

זאָל לעבען דער מענש! און ליכט זאָל זיין זיין געמיטה און שוועער דער כוס פון זיין פרייד און ברייט זיין האַרץ ווי דער טויער פון דער וועלט...

* * *

מיר וועלען דאָ אויך האָבען דעם שעהנעם מאַי, מיר וועלען דאָ אויך פייערען דעם יום־טוב פון ארבייט און שלום, פון האָפנונג און אויפלעבונג.

אויך דאָ, אין דער קלינגענדער אַטמאָספערע פון קאַפּיטאַל און קייטען, פון דזשאַז־בענד־דזשינגאָאיזם און גיילע טאַצען פויקען, וועט קלינגען באַזונדער אונזער העל־ריינע שטימע, אונזער האָפנונגספולער רוף פאַר א נייעם לעבען און פאַר א נייער ערד.

אונזערע דעמאָנסטראַציאָנס־צוגען וועלען פיליכט דאָ און דאָרטען אָפּגעבראָכען ווערען פון בויאַנישע פאָליציסטען, פון שכור'ע באַנדעס — אָבער זיי וועלען ניט ברעכען אונזער מוט און אונזער ענטשלאָסענהייט.

אונזערע פאָהנען וועלען פיליכט דאָ און דאָרטען אַראָפּגעריסען ווערען פון שמוציגע הענד, אָבער זיי קענען נישט צערייסען אונזער הייליגען פאַרבאַנד אויף לעבען און טויט.

אונזערע מיטינגען וועלען פיליכט דאָ אָדער דאָרטען פאַנאַנדערגעטריבען ווערען. דאָס וועט אָבער נאָך שטאַרקער פאַנאַנדערבלאָזען אונזערע האָפנונגען און פאַנאַנדערגליהען די פונקען פון אונזער ענערגיע.

אויך דאָ וועלען מיר פייערען דעם יום־טוב פון ארבייטער־איינינקייט און אונאָפּהעניגקייט, פון פרייהייט און פריערען, פון ליעבע און ברידערליכקייט.

אונזער פייער־טאָג איז אָבער אויך א קאַמפּס־טאָג. הונדערטער פון אונזערע ברידער און שוועסטער געפינען זיך אונטער די אייזערנע גראַטען, אונטער ריגעל און שלאָס. צעהנדליגע שטעהט פאַר זייער לעבען לאַנג אין די דיקע, טונקעלע מויערען צו פינסטערען. אונזער קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט פון די פאַראייניגטע שטאַאטען, דער אונערשראָקענער קעמפער און נביא, יודזשין וו. דעבס, איז פאַר'משפט אויף צעהן יאָהר עבודת־פרך אין מאונדסווילער קאַטאָרזשנער טורמע.

מיר וועלען דעם פייער־טאָג דאָ אין א קאַמפּס־טאָג פאַרוואַנדלען. אין די הונדערטער טויזענדער וועלען מיר זיך פאַרזאַמלען און פאָדערען די באַפרייאונג פון אונזערע מוטיגע קעמפער; אין די צעהנדליגער טויזענדער וועלען מיר מאַרשירען און רופען און וועקען צו א נייעם לעבען, צו א פרייען לעבען.

לעבען זאָל דער מענש! פריי זיין זאָל דער מענש! בליהען זאָל דער מענש אין פרייד און אין גליק, אין ליכט און אין דופט, ווי דער ערשטער טאָג אין שעהנעם מאַי...

---

ווי פּאַדערעווסקי זאָל נישט זיין קיין גרויסער קינסטלער־פּיאַניסט זיינגען אָבער די פּאָליטישע נאָטען פון וועלכע ער שפּיעלט פאַלש און דער עיקר גאַנץ נידעריג...

* * *

פאַר יעדען איינעם, וואָס איז פאַרשפּאַרט אין תפיסה פאַר ראַדיקאַלע איבערצייגונגען זאָלען מיר אַריינציעהען הונדערט אין אונזער רעד־קאַלען ארבייטער־אָרדען.

דער געזעץ איז גלייך געמאַכט פאַר אַלעמען. ער פאַרבאָט די רייכע אַזוי גוט ווי די קבצנים צו שלאָפען אונטער די בריקען, צו שנאָרען אויף די גאַסען און צו גנב'ענען בייגעל. — אַנאַטאָל פראַנס.

* * *

אַזוי ווי דער פּראָסטיגער איז ציטערט פאַר דער מאַי־זון, אַזוי ציטערט די אַלטע, קאַלטע קאָנסערוואַטיווע וועלט פאַר די מאַי־געדאַנקען און מאַי־דעמאָנסטראַציעס, אַז זי זאָל נישט צוגעהן אין זייער פייער.

י. אַהלער:

# די נאַכטיגאַל רופט...

### אַ געזאַנג לכבוד דעם ערשטען מאַי

די נאַכטיגאַל פּדילערט, די נאַכטיגאַל רופט:
ווי בלוי איז דער הימעל, געווירציג די לופט,
ווי רייצענד די ב ל י מ ל א ך, ערקוויקענד דער דופט,
אַ, קינדער, ערוואַכט שוין אַ מאָל!
די פעלדער און וועלדער, זיי זיינען שוין גרין,
אויף זיידענע בלעטעלאך טאַנצט אום די ביהן —
אוועק פון דער אַרבייט, אוועק פון מאַשין,
אַהער קומט אין בליהענדען טאָל!

דאָ פּאַשען זיך שעפעלאך רוהיג און שעהן,
דאָ פּלוידערט אַ וואַסעריל זויבער און ריין,
און ס'רייסט זיך אַ קוואַל דאָ פון אונטען אַ שטיין
און רוישט אוים צום הימעל זיין פרייד;
ער שיקט דורך די שטראַהלען צום בורא אַ דאַנק,
אַ דאַנק וואָס באַפריעדיגט ער האָט זיין פאַרלאַנג —
געמאַכט פריי זיין וועג און געמאַכט פריי זיין גאַנג,
דאָס לעבען איהם ווידער באַנייט!...

דאָ טראָגט זיך אַ ווינטעל מיט בשמים גאַנץ רייך,
און גרייזעלט אין לאָקען דעם לוסטיגען טייך,
וואָס אַט איז ער קרומלעך און אַט איז ער גלייך
און פינקעלט ווי ריינער קריסטאַל.
די לאַנקעס צושניידט ער און מאַכט זיך אַ וועג,
און שעפּטשעט פאַרבאָרגענע סודות צום ברעג,
און לויפט פון דעם ווינטעל צורונצעלט אוועק
און פאַלט־וואו אריין אין אַ טאָל...

אין וואַלד. אין דעם גריגעס, איז רוהיג און שטיל;
און אונטער די צוייגען איז נחת'דיג קיהל,
דאָ הודזשעט אַ פליעג און דאָרט טשירקעט אַ גריל,
און רויט־רויטע רויזען ביי'ם זייט;
דאָ זעהט זיך דער גרויסער, דער ברויזענדער מער,
דאָ ווערט ניט פאַרגאַסען קיין איינציגע טרער,
נו, קינדערלאך בלאַסע, קומט גיכער אַהער —
עס שווינדט באַלד די גאָלדענע צייט!...

---

י. אַדלער:

# צוויי פייגעל

**1.**

עס שטעהט ביי אַ קבר אַ ווערבע, אַן אַלטע,
פון בליץ אַ צושפּאָלטענער בוים.
אויף זייגע פאַרבליבענע עטליכע צווייגען
עס וויעגט זיך אַ נעסטעל אין טויט־שטילען שווייגען,
דאָס נעסטעל עס זעהט זיך דאָרט קוים.

עס זיצט אין דעם נעסטען אַ פויגעל, אַ יונגער,
פאַרלאָזען אַליין דאָרט, אַליין.
אַוועק איז זיין מוטער נאָך נעכטען באַגינען,
אַוועק וואו די רוהיגע דערפעלעך גרינען
און איז נאָך צוריק ניט געוועזן...

נו, זיצט ער פאַראומערט דער עלענדער פויגעל
און זינגט אַ בית־עלמן אַקאָרד...
זיין שטימע פאַר'יתום'ט טוט יאָמערליך קלאָגען,
ווי ר'וואָלט נאָך זיין מאַמען אַ קדיש איצט זאָגען
אַט דאָ אויף דעם הייליגען אָרט...

**2.**

עס שטעהט אין בליהטען איינגעהילט
אַ יונגער אַפּעל־בוים;
עס הענגט אַ נעסטעל אויף זיין שפּיץ
דאָס נעסטעל וויעגט זיך קוים...

עס זינגט אַ פויגעל אין דער נעסט
אַ זמר'ל — אַ פּראַכט!
עס האָט זיין מוטער איהם אַט ערשט
אַ ווערימעל געבראַכט...

גיסט אַ רעגען, פייפט אַ ווינד,
דונערט עס און בליצט,
פון די מוטער'ס פליגעל ווערט
דער פויגעל טריי באַשיצט...

— — — — - - — — — — — — — —

דער ע ר ש ט ע ר פויגעל קדיש זאָגט,
דער צ ו ו י י ט ע ר זינגט אַ ליעד —
אַ קדיש און אַ פריידענס־ליעד,
ווי גרוים דער אונטערשיעד!

---

בוימען טאַקע האָבען אַזוי לאַנג זייער צויבער, ווי זיי זיינען נאָך פריש. פריינדשאַפט אָבער איז ווי וויין, וואָס עלטער אַלץ שטאַרקער, קרעפטיגער און אַנגענעהמער.

* * *

„הקול קול יעקב" — אפילו די ענגלישע „ניו־יאָרק קאָל".
„והידים ידי עשו" — אפילו די ארץ־ישראל'דיגע העברעאיסטען אין הייליגען לאַנד...

עס איז בעסער אַריינצופאַלען צווישען קראָען איידער צווישען חניפה'ניקעס. די ערשטע עסען נאָר טויטע, אָבער די צווייטע שלינגען הויפּטזעכליך לעבעדיגע. — אַנטיסטהענעס.

* * *

די אַנציהענדסטע פּנים'ער קען מען נאָר זעהען ביינאַכט פאַר דער שיין פון דער לבנה, ווען מ'זעהט אַ העלפט פון פּנים מיט די אויגען און אַ העלפט מיט דער פאָרשטעלונג. — באַווע.

# פּאַרוואַלטונגס פּראָבלעמען

פון מ. י. אשפּיז

ווי ערוואַרטעט, האָט דער נייער פּאַרוואַלטונגס־פּלאַן פון דער נײשאַנאל באָארד און דירעקטאָרס אַרויסגערופען אַ גרויסען אינטערעס ביי דער מעמבערשיפּ. ווען מיר האָבען דעם פּלאַן אָנגענומען, איז דאָס געווען ווייל בשעת מעשה האָבען מיר געדענקט, אַז דאָס איז דער בעסטער פּלאַן. מיר האָבען זיך אָבער פאָרגעשטעלט די מעגליכקייט, אַז אַנדערע, פעהיגערע, קלוגערע פון אונז זאָלען מיט זייער קריטיק אונזער גאַנצען פּלאַן צושלאָגען און אַליין פאָרשלאָגען אַ בעסערען פּלאַן. מיר זיינען דארויף געווען פאָרבערייטעט, ווייל מיר דענקען אויף קיין פאַל ניט, אַז נאָר ביי אונז ליגט דער שליסעל פון אמת. מיר גלויבען, אַז אַביסעל געפינט זיך אויך ביי אַנדערע... צו אונזער גרויסער איבערראַשענדער צופריעדענהייט צייגט עס זיך, אַז אונזער פּלאַן איז באמת דער בעסטער. דאָס איז דער רעזולטאַט פון די 4 ענטפערס. וואָס זיינען אין „פריינד" שוין ערשיענען, אין וועלכע די שרייבער זוכען אונזער פּלאַן צו באַשטרייטען און אַנדערע פּלענער פאָרצולייגען.

אין מאַרטש „פריינד" שרייבט פר. וואָלאָס אַן אַרטיקעל, אין וועלכען ער לייגט פאָר אַן אַנדער פאָרם, און „נפתלי" זוכט אין אַ פעליעטאָן צו מאַכען צו קליינגעלד אונזער פּלאַן דערפאַר, וואָס מיר זאָגען ניט „אַז אין דער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע דאַרפען זיין בלויז געבילדעטע מענשען און אין דער עקז. קען זיין „עני טאָם, דיק און העררי". אין אַפּריל „פריינד" איז גאָר געפעהרליך. דאָרט האָט זיך צו אונז גענומען פר. יודיטש און מ. קאָהן (פון טאָראָנטאָ), דער לעצטער קענטיג אַ שטאַרקער חסיד פון דער ניו דזשוירזי פאָרם, איז זעהר אין כעס, הלמאי אונז געפעלט ניט די יעצטיגע פאָרם און ער גיט אונז אַ ריכטיגע פאַרציע פאַר אונזער אונערהערטער חוצפּה. פון אַלע זיינע טענות (אויסער די טענות פון דער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע, וועגען וועלכע מיר וועלען רעדען שפּעטער) זעהען מיר, אַז ער וויל ניט אַנדערש, דאָס מען זאָל איהם באַווייזען, אַז אויך אין דיעזער פאָרם קריעגען זיך די פאַרוואַלטער אַרום. ביי איהם איז מישפּט'ען אַ פאָרם פון פאַרוואַלטונג אַקוראַט ווי משפּט'ען, להבדיל, אַ מערדער, און „ביז די העהנער זיינען ניט צובלוטיגט און דער הויף איז פול מיט פעדערען" וועט ער ניט איינשטימען די פאָרם צו בייטען. אַזאַ אידען וועט גאָר ניט אַרען, וואָס די היינטיגע עקזעקוטיווע פון 30 איז אין אמת'ן נאָר אַ קאָמיטע פון 5, וועלכע פאַרוואַלטען דעם אַרב. רינג חלקים'ווייז, אַז די עקזעקוטיווע פון 30 קען ביי איהר בעסטען ווילען ניט דורכדרינגען אַלע איינצעלהייטען פון דער אָדער יענער קאָמיטעס אַרבייט און עס מוז דארום זיך ענטוויקלען די שטימונג פון „אַז די קאָמ. רעקאָמענדירט אָדער טוט אַזוי, מסתמא ווייסען זיי בעסער." דאָס פיהרט, אַז די עקזעקוטיווע ווערט בּיסלאַכווייז אַ פאַרבלענדעניש, אַ מאַנטעל וואָס דעקט צו, אַז מען זאָל מיינען אַז 30 מענשען פאַרוואַלטען. אין אמת'ן אָבער ווערט אין יעדער זאַך געטאָן אַזוי ווי עס ווילען די 5 מענשען, אונטער וועמעס דעפּאַרטמענט־יוריסדיקשאָן די זאַך באַלאַנגט. ווען איהר וועט איהם ווייטער דערצעהלען נאָך עפּעס: אַז ביי דער נ. ב. א. ד. איז געהאַנדעלט געוואָרען די פראַגע וואָס די אויסגאַבען פאַר'ן אויסהאַלטונגס פאָנד פון סאַניטאַריום זיינען אונגעהויער גרויס און אונזער באַסקין האָט צוגעגעבען, אַז עקאָנאָמיע איז מעגליך אונטער געוויסע אומשטענדען, דאָך ווייסען מיר ניט, אַז די פראַגע זאָל האָבען דיסקוטירט געוואָרען ביי דער גאַנצער נאַצ. עק.? זיי האָבען דארויף פראָסט קיין צייט ניט און אין דעם איז שולדיג דער פאַקט וואָס די עקזעקוטיווע איז צו גרויס און מוזען געוועהנליך מיטען נאָר איין מאָל אַ מאָנאַט, דערפאַר קענען זיי קוים זיך ספּראַווען מיט די רוטינע אַרבייט, שוין ניט רעדענדיג פון די אַלגעמיינע לעבענספראַגען, וואָס ערשיינען יעדען טאָג, אויף וועלכע דער אַרב. רינג אַלס אָרגאַניזאַציאָן פון אַ באַשטימטען קאָליר און ריכטונג מוז געבען זיין ענטפער און זאָגען זיין וואָרט; ווען איהר וועט געהן נאָך ווייטער און זאָגען, אַז דער לעבען לויפט אַזוי געשווינד היינטיגע צייטען, פאַקטען, פּאַסירונגען און ערשיינונגען קומען אָן אַזוי בליץ־שנעל, אַז מען קען ניט וואַרטען פון מאָנאַט צו מאָנאַט — ווען די עקזעקוטיווע מיטעט — צו נעהמען אַ שטעלונג צו דיעזע פראַגען, און דאָס אַליין מאַכט אונמעגליך אַן עקזעקוטיווע פון 30, וועט ער אייך ענטפערען, אַז דאָס איז גאָר ניט: אַבי מען קריעגט זיך ניט אַרום איז די פאַרוואַלטונגס־פאָרם גוט, ווייל די קומט פון ניו דזשוירזי...

גאַנץ אַנדערש רייען די אַנדערע דריי. זיי זיינען אַליין פאַרוואַלטער און דערפאַר, כאָטש זיי זיינען ניט אין גאַנצען איינשטימיג אויף אונזער פּלאַן, דאָך זיינען זיי מיט אונז איינשטימיג—פון זייער אייגענער ערפאַהרונג — אַז די יעצטיגע פאָרם טויג ניט.

עס לוינט ניט צופיעל צייט צו פאַרלירען אויף נפתלי'ן. אויב זיין גאַנצע טענה איז ווארום מיר האָבען ניט געזאָגט דאָס וואָס מיר האָבען געדאַרפט זאָגען, אַארט אונז ניט ווען ער זאָגט עס פאַר אונז... בכלל פרעטענדירען מיר ניט צו האָבען אויסגעשעפּט אַלע אַרגומענטען, מען דאַרף עפּעס אויך לאָזען פאַר אַנדערע צו זאָגען...

וואָס אַנבאַלאַנגט די פריינדע יודיטש און וואָלאָס, ווילען מיר זאָגען, אַז מיר האָבען בלויז אויסגעאַרבייט דעם הויפּט־פּלאַן, אָבער ניט די איינצעלהייטען. אויב די ערפאַהרונג וועט צייגען, אַז די עקזעקוטיווע קען אַמענדען צו גריוועגס איינמאָל אַ מאָנאַט און עס איז ניט נויטיג קיין ספּעציעלע קאָמיטע — ווי עס וויל פר. יודיטש — האָבען מיר ניט דאַגעגען. מיר מיינען אָבער, אַז מען דאַרף היינט יאָ האָבען אַ ספּעציעלע גריוועגס קאָמיטע, כאָטש דאָס מיינט, „אַז יעדער איינער וועט קומען מיט קלאַגען וואָס זיינען ניט פיעל ווערט". אין דעם ליגט דער הויק צווישען אונז און אַנדערע אָרדענס. מיר גיבען אַ ברייטע געלעגענהייט צו יעדען איינעם וואָס פיהלט זיך געקריוודעט צו האָבען וואו צו פאָדערען גערעכטיגקייט, וויכטיג אָדער ניט, אָבער דאָס איז דעמאָקראַטיע.

אַנדערש זיינען אָבער די טענות פון זוי בײדען, אַז די עדיוקיישאָנאל קאָמ. דאַרף זיין אַ טייל פון דער עקזעקוטיווע. דאָ געהען מיר זיך פאַנאַנדער אין אונזער בליק אויף דעם כאַראַקטער פון דער עדיוקיישאָנאל אַרבייט. דער פאַרלאַנג אַז די עדיוקיישאָנאל אַרבייט זאָל זיין אַ טייל פון דער עקזעקוטיווע, איז דאָך ניט דערפאַר, כדי די עדיוקיישאָנאל קאָמיטע זאָל אַכטונג געבען אויף דער עקז., נאָר קאַפּויר. און דאָס, דענקען מיר, איז היינט ניט נויטיג און ניט מעגליך.

די סומע וואָס ווערט אויסגעגעבען אויף עדיוקיישאָן איז דאָך אין אמת'ן נאָר דער פּראָצענט פון דער סומע וואָס מיר ספּענדען פאַר'ן סאַניטאַריום. דער סאַניטאַריום האָט אונז געקאָסט אַרום הונדערט טויזענד דאָלאַר לעצטען יאָהר און עדיוקיישאָן קאָסט אונז אַרום 5000 דאָלאַר. די סומע איז אַלזאָ גאַנץ קליין אין פאַרגלייך מיט אַנדערע אויסגאַבען פון אַנדערע קאָמיטען. די אַרבייט איז מעהר ערפאָלגרייך, ווען מען טוט עס בשותפות. אָט אַראַנזשירען מיר געמיינשאַפטליך מיט די יוניאָנס לעקטשורס אין ניו יאָרק און מן הסתם וועט מען אין דיעזער ריכטונג געהן אַביסעל ווייטער; מען וועט געמיינשאַפטליך אַרויסגעבען ביכער, אויפהאַלטען די שולען און אַרויסשיקען לעקטשורערס אין דער קאַנטרי. דער כאַראַקטער פון דער אַרבייט איז דאָך אַזאַ, אַז וואָס אויף אַ גרעסערען מאַסשטאַב זי וועט געטאָן ווערען, אַלץ מעהר סוקסעס וועט עס זיין. עס קען דארום קיין רייד ניט זיין פון האַלטען די עדיוקיישאָן אונטער דער יוריסדיקציאָן פון דער עקזעקוטיווע, ווייל גאָר גיך וועט די לאַגע זיין אַזאַ, אַז דער אַרב. רינג וועט נאָר זיין אַ שותּף, אָבער ניט דער איינציגער דעה־זאָגער. און בילדען די מיטגליעדער זיינען די יוניאָנס אַזוי פאַראינטערעסירט ווי דער אַרב. רינג און עדיוקיישאָן איז דארום ניט קיין באַזונדערע אַרב. רינג פראַגע, נאָר אַן אַלגעמיינע פראַגע פאַר אַלע ראַדיקאַלע סאָציאַליסטישע קערפּערשאַפטען. אַנדערש איז אָבער די אַרבייט פון דער אָרגאַניזיישאָן, אָפיס און סאַניטאַריום קאָמיטען, וועלכע וועלען צוזאַמענשטעלען די עקזעקוטיווע. דאָס זיינען אינערליכע אַרב. רינג אינסטיטושאַנס, אין וועלכע מיר וועלען ניט ערלויבען קיין אַנדער קערפּערשאַפט צו זיין מיט אונז אַ שותּף אין דעם, אונז צו זאָגען אַ דעה, און דערפאַר דאַרפען מיר מאַכען אַן אונטערשיעד פון דיעזע דעפּאַרטמענט קאָמיטען און די עדיוקיישאָנאל קאָמ., וועמעס אַרבייט איז פון אַ גאַנץ אַנדער כאַראַקטער און וועלכע דאַרף געפיהרט ווערען אין אַנדערע ליניען. דאריבער זיינען מיר גערעכט ווען מיר רעקאָמענדירען, אַז די עדיוקיישאָנאל קאָמ. זאָל זיין אַ באַזונדערע סטענדיגע קאָמיטע, וועלכע זאָל מיט די אַרבייט פון דער עקזעקוטיווע ניט האָבען קיין שייכות. אין פראַגען פון נייע איינריכטונגען האָבען מיר רעקאָמענדירט, אַז די עקזעקוטיווע זאָל האָבען אַ וועטאָ־רעכט, ווייל ערשטענס, ווילען מיר מיט אַמאָל די קאָמיטען ניט אין גאַנצען אָפּרייסען איינעם פון צווייטען, און אויך דערפאַר, ווייל מיר ווייסען, אַז די אַרבייט נעהמט ביסלאַכווייז אָן אַן אַנדער פאָרם ווי אויבען דערמאָנט און מיר ווילען, אַז ביי נייע איינריכטונגען זאָלען אויפ'ן מזבח פון פאַראייניגונג די אינטערעסען פון אַרב. רינג ניט צופיעל געאָפּפערט ווערען.

---

אַמאָל האָט מען געזאָגט, אַז איין וואָרט איז אַ רענדעל און שווייגען איז צוויי. און מיר זאָגען אייך, אַז די אומגליקליכסטע באַשעפעניש אין דער וועלט איז די, וואָס שרייט נישט אויס ווען עס טוט איהר וועה.

...אין אונזער געהירן זיינען פאַראַן אַן ערך פון צוויי מיליאַרד צעלען און יעדע איינע פון זיי פּרובען אונזערע „אמת" פאַרשפּרייטער, די קאַפּיטאַליסטישע צייטונגען, צו פאַרשטאָפּען מיט גראָבע, וואַטאָווע ליגענס...



# „פּאַפּ“

(פון קינדער־לעבען)

פון יעקב קרעפּליאַק



בעגינען איז דער ערשטער פריהלינגס רעגענדיל אדורך און גלייך האָט די זון אויפגעשיינט. די פרישקייט האָט געקוואלען פונ׳ם ברוק, פונ׳ם הימעל און צושפּרייט האָט עס אַ ליעבען ווינטעל איבער אַלע גאַסען, איבער׳ן גאַנצען שטאָדט.

אין די פּאַרקען זיינען ווי דורך נאַכט אָפּגעוואַקסען און גרין געוואָרען די געלע פליכבוואַטע שטיקער ערד און אין פריהמאָרגען שוין געפּינקעלט מיט גרינער צאַרטקייט און מיט פּערל־טראָפּענס אויף דער זון.

פון דער צופלאַצטער, ווייכער ערד האָבען זיך גלייך אין בעגינען אַ לאָז געטאָן אָהן אַ שיעור רעגען־ווערים און פאַר־פליייצט די פּייכטע אַלעען, די נאַסע שטעגלאַך, ווי זיי וואָלטען זיך געאיילט צוגלייך מיט די פריהיגע מענשען צו דער אַרבייט. יענע זיינען אָבער געגאַנגען מיט אויפגעהויבענע קעפּ, געאָטעמט אין זיך דעם פרישען פריהמאָרגען און געטראָטען די ווערים, וואָס האָבען זיך געלאָזען נאָך זון.

באַלד האָבען זיך קינדער אַרויסגעשאָטען אויף די טראָטואַרען מיט אַ פּלאַפּלעריי, מיט אַ ברייעריי, ווי אַ מחנה ווראָבליעס איבער אַן אָפּגעשניטען פעלד, און דער אָפּגעוואַשענער, אויסגעטריקענטער טראָטואַר איז גלייך צוקעסטעלט געוואָרען פון ווייסע קרייד־פּאַסען און דאָס שפּרינגעריי און שפּיעלעריי האָט זיך אָנגעהויבען.

ערגעץ אין די בראָנקס, אויף אַ פּוסטען „לאָט“, הינטער ברעטער, האָט זיך אויפגעכאַפּט אַן עלטערער צושויבערטער מאַן, אַ פּאַרטוליעטער אין סמאַטעס. ער האָט זיך אויסגעצויגען, ווי אַ הונט פון שלאָף, מיט די ברודיגע הענט זיך אויסגעריבען די אויגען, זיך אַ כאַפּ געטאָן: „מיין קינד“... און באַלד אַ קוק געטאָן צו זיין קינדער־וועגעלע שטעהט ביים זייט. פון דער מעטאַלענער הענטעל, וואָס איז געווען די איינציגע שטיקעל ניט פאַרזשאַווערטער אייזען אין וועגענדעל, האָט אָפּגעשאָסען מיט שטראַלען. דער אַלטער האָט גלייך אַ קוק געטאָן אויף דער זון, האָט איהם אויסגעדוכט, אַז אַ קליין קינד שמייכעלט צו איהם פון דער זון אַרויס, האָט ער זיך אויך צושמייכעלט, אָבער פון בלענדעניש זיך פאַרזשמורעט און זיך איבערגעבויגען איבער׳ן וועגעלע.

אין אַלטען, אָפּגעניצטען וועגעלע איז געלעגען אַן אָנגע־פּאַקטער זאַק ווי אַ סטראַשידלע, עפּעס ווי אַ מענשעלע, ווי אַ קליין קינד מיט אַ היטעלע אויף דער אָנגעפּראָפּטער קעפּעלע.

דער אַלטער האָט עס צערטליך אַ טרייסעל געטאָן און גע־זאָגט: „שטעה אויף, ליעבענקע, די זון שיינט. מיר׳ן געהן זיך שפּיעלען צו די קינדערלאַך אין גאַס...“

דער אַלטער האָט זיך איינגעבונדען אין די שמאַטעס, אַ טאַפּ געטאָן צי פון צושפּיליעטען, האָריגען בוזים איז ניט אַרויס־געפאַלען די טאַבאַק־בייטעל מיט די פּענים און אַלערליי באָטאָנס, אַ ווייליע באַטראַכט זיין האַרטע, איינגעבראָכענע העט מיט׳ן אַריינגעשטעקטען קליינעם אַמעריקאַנעם פלאַג און זיך גענומען איילען. ער האָט האַסטיג אַראָפּגערוקט די הוט איבער די אויגען, אַ צופּ געטאָן מיט די פינף פינגער, ווי מיט אַ קעמעל די גראָהע בערדעל און סקריפּענדיג מיט׳ן צופאָהרענעם וועגעלע זיך געלאָזען אין גאַס.

---

צווישען די קינדער איז געוואָרען אַ טומעל: „פּאַפּ“ געהט, „פּאַפּ“ קומט!“ זיי האָבען איבערגעריסען דאָס שפּיעלען און ווי די ביהנען זיך אויף איהם אַ לאָז געטאָן.

ביי „פּאַפּ׳ן“ האָבען אויפגעטערערט די אויסגעבלייכטע אוי־גען: די קינדערלאַך לויפען, די קינדערלאַך לויפען זיך שפּיעלען מיט זיין קינד... וועט ער זיי פרעהליך מאַכען! און אָנגעהויבען אונטערטאַנצען, זיך אונטער־האָפּקען אַנטקעגען די קינדער. די קינדער האָבען איהם אַרומ־גערינגעלט און געקוואַלען.

— העללאָו „פּאַפּ“ — באַגריסט איהם צום ערשטען דער צופּלאַמטער דזשייק מיט דער לעדערנער פּילקע אין האַנד.

— העללאָו יאַנג מען! — כאַפּט איהם די האַנד „פּאַפּ“.— ווען איך פלעג שפּיעלען באָל, פלעג איך איהם אַזוי הויך פאַר־וואַרפען אין הימעל, אַז ערשט אויפ׳ן צווייטען טאָג פלעגט ער אַרונטערפאַלען...

— אַהאַ, פּאַפּ!... — לאַכען די קינדער.

— וואו ביזטו געווען, פּאַפּ? — פרעגט איהם עלזע, שטע־הענדיג מיט ביידע פיסלאַך אויפ׳ן שפּרינג־שטריק.

— העללאָו יאַנג ליידי! — ענטפערט פּאַפּ און ציהט זיך פלוצלינג אויס איבער׳ן טראָטואַר און קוליעט זיך איבער.

עלזע דערשרעקט זיך, כאַטש זי וויים שוין דעם פּאַפּ׳ס שטיק. זי שפּרינגט אָפּ, אָבער באַלד פאַרגעהט זי זיך אין גע־לעכטער מיט אַלע קינדער צוזאַמען.

— אַ, האָסט זיך דערשראָקען? איהר האָט זיך דערשראָ־קען, ליעבענקע! האָט קיין מורא ניט, כ׳וועל אייך געבען פּענים, באָטאָנס... נאַ, ווילסט אַ פּעני?

— ניין... — קווינקעלט זיך די קליינע עלזע, — די מאַמע לאָזט ניט נעמען קיין פּענים.

— גיב פּאַפּ, איך וועל נעמען... — זאָגט סעני אין די מאַטראָזען־זאַכען.

— גים פּאַפּ, איך וועל אויך נעמען... — זאָגט עדוואַרד אין אינדיאַנער־קאָסטיום מיט די פעדערען.

— העללאָו מאַטראָז! העללאָ אינדיאַנער! — לייגט פּאַפּ צו מיליטעריש די האַנד צום הוט.

— העללאָו פּאַפּ! — גלייכען זיך אויס מיט שטאָלץ סעני מיט עדוואַרד׳ן.

— גיב פּאַפּ, — שטרעקען זיי ביידע אויס די הענט.

— איהר׳ט ניט קריגען, איהר פיהרט מלחמה צווישען זיך...

— מיר׳ן מאַכען שלום...

— כ׳וועל זעהן. ווען איך בין געגאַנגען אין מאַטראָזען־קליידער פלעג איך אויפעסען אַ האַלבע טוץ אינדיאַנער אויף פריהשטיק...

— אָהאָ!... — לאַכען די קינדער.

— וואָס האָסטו געגעסען מיינע אינדיאַנער? — בייזערט זיך עדוואַרד און פאַרמעסט זיך כלומר׳שט מיט זיין אינדיאַנישער הילצערנער העקעל.

— קיין מאַטראָזען עסען ניט קיין אינדיאַנער צו פריה־שטיק, — ציעלט זיך מיט זיין שפּיעל־ביקסעל סעני.

פּאַפּ טוט אַ פאַל אויף דער ערד: „שוין טויט!“ זאָגט ער.

סעני מיט עדוואַרד׳ן וויגקען זיך איבער: „קום, לאָמיר אָנ־הויבען אַ מלחמה...

פּאַפּ שפּיצט אָן די אויערען.

— כ׳וועל דיר שפּאַלטען מיט׳ן „טאַמאַהאַוועק“ דעם קאָפּ... — זאָגט עדוואַרד צו סעני׳ן.

— כ׳וועל דיך דערשיסען מיט׳ן ביקס... — זאָגט סעני צו עדוואַרד׳ן.

ס׳ווערט אַ רייסעריי... „פּאַפּ“ גיט זיך אַ וואָרף:

— הערט אויף! הערט אויף!... — צושרייט ער זיך און טרייסעלט זיך אַזש פאַר שרעק, — נאַט אייך באָטאָנס, פּענים... — צועפּענט ער זיין לעדערנע בייטעל.

סעני מיט עדוואַרד׳ן לויפען צופריעדענע אין קענדי־סטאָר נאָך נאַשווארג.

— נעם אויך אַ פּעני, — זאָגט ער עלזע׳ן, — און הָ

אויך, — רוקט ער אַ פּעני אין האנד אריין דער קליינער שולקע׳ן מיט די גרויסע חנ׳עוודיגע אידישע אויגען.

יענע פארבאהאלט די הענט אויף הינטען.

— כ׳וויל ניט, פּאפּ...

דערווייל קומען סעני מיט עדוארד׳ן מיט „ליאלע־פּאפּס" אין די צושפּרייטע בעקלאך.

— איך וויל אויך אַ ליאלע־פּאפּ, — קרימט זיך קינדיש פּאפּ. — געה קויף מיר אַ ליאלע־פּאפּ פאר מיין קינד, — בעט ער עלזע׳ן.

— געה, קויף, — זאָגען ערנסט די קינדער.

— כ׳וועל זעהן... — ווילט זיך דער קליינער עלזע׳ן ניט אוועקגעהן.

— כ׳וויל אַ ליאלע־פּאפּ פאר מיין קינד, — ציהט זיך אויס אויפ׳ן טראָטואר פּאפּ, צעוויינט זיך און קלאפּט קאפּריזנע מיט די פיס...

— גיב, כ׳וועל ברענגען, — קריגט רחמנות די נאאיווע שולקע מיט די שווארצע פארטראַכטע אויגען.

— נו, פּאפּ, הויב זיך שוין אויף! זי איז איז שוין גע־גאנגען, — ווילען איהם אויפהויבען סעני מיט עדוארד׳ן.

— ניין, כ׳וועל זיך ניט אויפהויבען ביז מען וועט מיר ברענגען...

סעני מיט עדוארד׳ן קוקען און לאַכען.

— זעה, אַ פייער אונטער דיר... — ווייזט אָן עדוארד מיט׳ן פינגער.

פּאפּ שפּרינגט אויף, ווילד גיט ער זיך אַ־וואָרף אויפ׳ן וועגעלע:

— ראטעוועט מיין קינד! ראטעוועט מיין קינד!

— מען האָט דיר אָפּגענארט... — פּלאצען די קינדער אויס אין אַ געלעכטער.

פּאפּ הערט אויף צו שרייען, קוקט זיך ארום מיט פאר־ווירטע, צושראָקענע אויגען און מורמעלט פאר זיך: „אָפּגע־נארט! ניין, ניט אָפּגענארט, כ׳ווייס...

— נאַ דיר דעם ליאלע־פּאפּ, — קומט צו געהן שולקע.

— זיי זיינען אלע שלעכטע, דו ביזט אַ וואוילע מיידעלע. פאר׳ן נאַנג עס אליין.

— כ׳וויל ניט, כ׳דאנק דיר, פּאפּ.

— גיב מיר, גיב מיר! — כאפּען זיך דער „מאטראָז" מיט׳ן „אינדיאנער".

— כ׳וועל ניט געבען... איהר זייט שלעכטע... מיר איז עפּעס קאלט אין רוקען... — זאָגט ער פּלוצלינג. — זאָל ווער ארויפקריכען צו מיר אויף די פּלייצעס, וועל איך איהם „געבען אַ ליפּט".

— דעם קלענסטען אונזערע, דזשאנ׳ען! — שרייען אויס די קינדער און הויבען איהם אויף צום פּאפּ אויף די פּלייצעס.

פּאפּ שרייט אויס:

— איך בין קוירנעל, די ביקסען אויף די בארקעס! מארש! — און לאָזט זיך געהן מיט׳ן קליינעם דזשאָן אויפ׳ן רוקען.

— לינקס, רעכטס, לינקס, רעכטס... — ווארפט פּאפּ ארויס הענט, שטעלט פיס, ווען דער קליינער דזשאן האלט זיך ארומגעקרעמפּעוועט ארום האלז.

— לינקס, רעכטס... — שרייען נאָך די קינדער, שטעלען אויס פיסלאך, ווארפען אויס הענטלאך מיט סעני׳ן און עדוארד׳ן אויף פריהער.

— סטאפּ! — קאָמאנדעוועט פּאפּ און לאָזט ארונטער דעם קליינעם דזשאנ׳ען.

די קינדער זיינען צופריעדען, לייגען זיך אויס ווי אין אַ לאגער.

— אָבער וואו ביזטו דאָס געווען די גאנצע צייט, פּאפּ? — פרעגט עדוארד.

— אויפ׳ן הימעל! — ווייזט אָן פּאפּ מיט׳ן פינגער.

— אויפ׳ן הימעל? — לאַכען די קינדער.

— יע, אויפ׳ן הימעל! — גלאנצען אויף ביי פּאפּ׳ן די אויגען.

— וואָס איז דאָרטען? — פרעגט די נאאיווע שולקע.

— גלויבסט איהם? — כאפּט זיך ארוים סקעפּטיש אַן עלטערער לאָקשעוואטער שגץ מיט זומער־שפּרינקלאך אויפ׳ן פאררויסען נעזעל.

— שווייג! — ווערט פּאפּ בייז.

— דערצעהל וואָס אין הימעל איז, — בעטען די קינדער, — מיר׳ן דיר גלויבען.

— כ׳וועל אייך דערצעהלען, קינדערלאך. אין הימעל זינגט מען כסדר אזוי שעהן, אזוי שעהן...

פּאפּ האָט אויף אַ ווייל׳ע פארזשמורעט די אויגען.

— ס׳קען ניט זיין... — האָט אָנגעשטעלט פארוואונ־דערט די אויגען דער עלטערער שגץ.

— אוועק פון דאנען! — האָט זיך פּאפּ מיט די קולאַקעס אַ וואָרף געטאָן.

דער שגץ האָט זיך אָפּגערוקט, אריינגעשטעקט די הענט אין די קעשענעס און געקוקט פון דער זייט.

— מען זינגט? — פרעגט איבער שולקע.

— געוויס, קינדערלאך...

— ווער זינגט? — זוואָרפט אריין פון דער זייט אַ ווערטעל דער שגץ.

פּאפּ טרייסעלט זיך „אויש פאר צאָרן, באַווייזט די לעצטע פאַר אויסגעפוילטע צייהן און ווארפט זיך נאָכ׳ן שגץ.

— הער אויף! — שרייען שוין די איבעריגע קינדער אויף אויף יענעם.

— ווער זינגט? — פרעגט עלזא.

— אַן אלטער, אַ שנעע־ווייסער אלטער מיט יונגינקע קינ־דערלאך... — קוקט פּאפּ מיט אומרוהיגע אויגען, דערזעהענדיג צוריק דעם שגץ. — אַז זיי זינגען געהט אויף די זון, אַז זיי זינגען פארגעהט די זון, קומט אַ ווינט, גיסט אַ רעגען, פאלט אַ שנעע...

— קענסט דעם אלטען? — פרעגען סעני מיט עדוארד׳ן.

— ניין, איך קען איהם ניט. איהם קענען נאָר זעהן קליינע קינדערלאך. מיינע צוויי קינדערלאך אין הימעל קענען איהם. זיי זינגען צוזאמען מיט איהם...

— אָבער ווי מען זינגט האָסטו דאָך געהערט? — פרעגען די קינדער.

— יע.

— טאָ זינג אונז עפּעס אַ געזאנג פון הימעל.

— כ׳האָב מורא די זון וועט פארגעהן.

— זינג אַזאַ געזאנג, אַז די זון זאָל ניט פארגעהן.

פּאפּ הייבט אָן צו זינגען אַ מאָדנע ליעדעל, קרימט זיך און טאנצט צו.

— ס׳אַ ליגען! —שיסט ארויס דער לאָקשעוואטער שגץ, — ניט דו ביזט געווען אויפ׳ן הימעל, ניט מען זינגט. איהר גלויבט איהם? פּאפּ איז דאָך אַ משוגענער...

— אהאַ!... — האָט זיך מיט אַ יללה אַ וואָרף געטאָן פּאפּ נאָכ׳ן אנטלויפענדען שגץ. — איהר גלויבט איהם, קינ־דערלאך, איהר גלויבט איהם, דעם ליגנער?

די קינדער לאַכען.

— ס׳אַ ליגען! — רייצט זיך יענער פון דער ווייטען.

— אַן אמת! — וויינט פּאפּ. — איהר גלויבט איהם? איך בין משוגע?...

— וויין ניט פּאפּ! — רופען די קינדער לאַכענדיג. — מיר גלויבען איהם ניט...

פּאפּ אָבער קאָרטשעט זיך אין גאנצען צונויף, טוליעט זיך אין די שמאטעס, ווי ס׳וואָלט איהם פּלוצלינג קאלט געוואָרען. די אויסגעבלייכטע אויגען קאפּען מיט טרערען איבער די ברוי־דיגע באַקען, און ער נעמט זיך פאר׳ן וועגענדעל. די קינדער באגלייטען איהם און רעדען איינער צום אנדערען:

— זעהסט, דריי קינדער פארברענט געוואָרען...

---

אונזערע „אָרטאָדאָקסען" אין ווארשאַ האָבען זיך ווידער אויס־געצייכענט מיט זייער „לאָיאַליטעט". זיי זיינען געגאנגען ווי זייע־רע עלטער־עלטערען אויף קדוש־השם און... און געשטימט פאר די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטען.

ווען מיר וועלען האָבען ביז דעם 1טען מאַי אונזערע פולע פינף און זיבעציג טויזענד מעמבערס אין אַ. ר., פינף און צוואנציג טויזענד דאָלאר פאר די מלחמה קרבנות, 130 טויזענד דאָלאר פאר דעם „קאָל פרינטינג פּלענט" און 40 טויזענד דאָלאר פאר די נאַצ. סאַצ. העד־קוואָרטערס, וועלען מיר זיך קענען אויף אַ ווייל׳ע אָפּרוהען.

# בלייבען ביים אַלטען

פון י. רודניצקי

איבערלעזענדיג פר. אַשפּיז'ס און פר. וואָלאָס'עס אַרטיקלען אינ'ם מאַרטש נומער „פריינד", קען איך כמעט איינשטימען מיט זיי, אַז אַנ־שטאָט דרייסיג אין דער פאַרוואַלטונג, זאָל נאָר זיין פופצעהן. די בע־נעפיט קאָמיטע זאָל אין גאַנצען אָפּגעשאַפט ווערען. אָבער פאַר קיין פאַל קען איך נישט איינשטימען, אַז אַלס זאָל ווייטער באַשאַפען ווערען באַזונדערע זעלבסטשטענדיגע קאָמיטעס און ספּעציעל ניט, אַז די עדיוּ־קיישאָנאַל קאָמיטע זאָל אויסגעטיילט ווערען פון דער עקזעקוטיווע. מיר געדענקען נאָך, ווען די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע איז געווען זעלבסטשטענדיג, פיהלענדיג אויף זיך דעם וועטאָ־בייטש פון דער עקז., וואָס פאַר אַ ממשות האָט דאַן געהאַט די עדיוק. קאָמיטע? וועלכע ממשות'דיגע אַרבייט האָט זי דאַן געטאָן? אַבסאָלוט גאָר ניט. זי האָט נאָר עקזיסטירט אויפ'ן פּאַפּיער, אַלס אָרנאַמענט פאַר'ן אַ. ר., מען זאָל קענען אָנצייגען — אָט זעהט: מיר פאַרנעהמען זיך ניט נאָר מיט פּראָזאַאישע מאַטעריעלע בענעפיטס אַליין, נאָר אויך מיט בילדונג, מיט אויפקלערונג. מען האָט אָבער גאָר ניט געקענט טאָן. פּראָ־טעסטירען, האַלטען פאַראַנטוואָרטליך — איז ניט געווען וועמען. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט געהאַט אַ תירוץ (און אַ גערעכטען), זיי קענען גאָר ניט טאָן. די עקזעק. לאָזט ניט. זי וועטאָאירט אַלע אונ־זערע פּלענער. די עקזעק. האָט מען געוויס ניט געקענט האַלטען פאַר־אַנטוואָרטליך, ווייל דאָס איז דאָך ניט זייער פונקציע. יעצט זעהען מיר טאַקע, ווען די דזשווירזי פאָרם ווערט איינגעפיהרט, און די עדיוּ־קיישאָנאַל קאָמיטע ווערט אַ טייל פון דער פאַרוואַלטונג, אַזוי אַז די גאַנצע עקזעק. ווערט פאַראַנטוואָרטליך פאַר דער עדיוקיישאָנאַל אַרבייט, נעמט זיך טאַקע ווייזען אַ סימן פון לעבען, אַ סימן פון טעטיגקייט, אין דעם עדיוקיישאָנאַל דעפּאַרטמענט. אָט דער אינבאַשטרייטבאַרער פאַקט דאַרף אונז דיענען אַלס אַ וואָרנונג זיך מעהר צום אַלטען ניט צוריקצוציהען. מיינט דאָך פר. אַשפּיז אויך יעצט, אַז עס זאָל גע־געבען ווערען צו דער עקזעקוטיווו די וועטאָ־רעכט איבער דער עדיוּ־קיישאָנאַל קאָמיטע. ווער קען אונז פאַרזיכערען, אַז קיין נייע סכסוכים פון דער עקזעק. מיט דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע זאָל ווייטער ניט פאָרקומען. די עדיוקיישנאַל קאָמיטע וועט אויסאַרבייטען פּראָיעק־טען, די עקזעק. וועט וועטאָאירען און קיין אַרבייט וועט ווידער ניט געטאָן ווערען. דערצו, אויב עס איז נאָך אמת דער קלאַנג, אַז צווישען די טיכטיגע טוער פון אַרבייטער רינג געפינט זיך אַ גאַנץ באַדייטענדער עלעמענט, וועלכער האַלט די בילדונגס־אַרבייט אין אַרבייטער רינג נאָר פאַר אַ נעבענזאַך, דאַן ווער קען אונז פאַרזיכערען, אַז דיעזע טוער זיינענדיג אין דער פאַרוואַלטונג וועלען ווירקליך ניט וועלען מאַכען די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע פאַר דאָס וואָס זיי דענקען אַז זי דאַרף זיין. ווען אָבער די עדיוקיישאָנאַל אַרבייט זאָל זיין די פונקציע פון דער גאַנצער פאַרוואַלטונג, דאַן וועלען די שאַרפסטע געגנער פון בילדונג (אויב אַזעלכע זיינען דאָ) ניט וואַגען צו שטעלען זיך געגען ביל־דונגס־אַרבייט אין אַ. ר., ווייל אויך זיי וועלען זיין פאַראַנטוואָרטליך פאַר דער אַרבייט.

יעצט צו דער פראַגע וועגען דער פאַרקלענערונג פון דער עקזע־קוטיוו קאָמיטע אויף אַ העלפט — פון 80 אויף 15.

קיין איבערצייגענדע אַרגומענטען פאַר וואָס עס איז ניט גוט, אַז 30 פערזאָן זאָלען פאַרוואַלטען אַזאַ גרויסען אָרדען מיט אַזעלכע פינף זעהר וויכטיגע דעפּאַרטמענטס איז ניט אָנגעגעבען געוואָרען. אַלץ וואָס מיר הערען איז, אַז עס טויג ניט, אַז 80 איז צופיעל. נון, ווי געזאָגט — איך וואָלט דאָס נאָכגעגעבען, גלויבענדיג אונזערע גדולים, אַז אויב זיי זאָגען מסתמא ווייסען זיי דאָך. לעזט מען אָבער איבער פר. וואָלאָס'עס אַרגומענטען פאַר דער פאַרקלענערונג, מוז מען שוין זיין געגען דעם אויך. פר. וואָלאָס זאָגט, ער געדענקט ניט ער זאָל ווען האָבען געזעהן אַלע דרייסיג מעמבערס צו אַ מיטינג. מעהר־סטענטיילס קומען נאָר 15. אויב אַזוי, דאַן פון וואַנען ווייס מען, אַז 80 איז צופיעל? עס קען דאָך מעגליך זיין, אַז די פעהלערען וואָס די פריינדע זעהן אין דער יעצטיגער פאַרוואַלטונג זיינען גראָדע דער־פאַר, ווייל נאָר 15 באַזוכען די מיטינגען, און ניט אַלע 80. און ווידער אויב פון 30 קומען נאָר 15 צו אַ מיטינג, איז עס דאָך זיכער, אַז פון 15 וועלען קומען זיבען אָדער אַכט. דענקט איהר, אַז זיבען אָדער אַכט מענשען, ווי קאָמפּעטענט זיי זאָלען נישט זיין, איז גענוג צו פאַרוואַלטונג אַזאַ ריעזיגען אָרדען ווי דער אַרבייטער רינג מיט אַלע זיינע פונקציאָנען, מיט אַזוי פיעל טויזענדער דאָלאַרס? אַז פון די 15 זאָלען אַלע אימער אַנוועזענד זיין צו די מיטינגען איז שווער צו גלויבען. ווי עס ווייזט אויס איז דאָס שוין אַזאַ געזעץ ביי אונז אין אַ. ר. אין דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווו אַזוי גוט ווי אין די לאָקאַלע עקזעקוטיווס, אַז נאָר אַ העלפט פון די ערוועהלטע ערפילען זייערע פליכטען.

עס האָבען נאָך פיעל אַנוועזענדונגען געקענט געמאַכט ווערען געגען דער פאַרקלענערונג אויף העלפט פון דער עקזעק. קאָמיטע, אָבער איך גלויב, אַז איך פאַרנעם צופיעל פּלאַץ. איך וויל נאָר זאָגען, אַז מיר דאַכט, אַז די צרה אין אונזער פאַרוואַלטונג ליגט ניט אין דער פאָרם פון פאַרוואַלטונג, נאָר אין דעם אימער זוכען אַלץ נייע, בעסערע פאָרמען. מען וואָלט וועלען האָבען די בעסטע פאָרם פון פאַרוואַלטונג, און קיין בעסטע איז ניטאָ, ווייל אין דער בעסטער קען מען און וועט מען געפינען פעהלערען, אויב מען וועט זוכען. און אַזוי ווי עס איז ניט גוט מורא צו האָבען פאַר אַ נייעם פּלאַן, פאַר אַ נייער פאָרמע, אַזוי איז עס אויך ניט גוט אימער צו זוכען פעהלערען אין די שוין עקזיסטירענדע, ניט געבענדיג קיין געלעגענהייט צו ענטוויקלען זיך, אויסצובעסערען זיך. איך דענק דאריבער, אַז דאָס בעסטע וואָלט גע־ווען דאָס פאָרלויפיג לאָזען ווי עס איז יעצט. אויב עס זיינען דאָ וועלכע וויכטיגע פעהלערען זאָלען מיר זיי אויסבעסערען. אָבער, אַלס אַ גאַנצע, זאָל די יעצטיגע פאָרם פאָרלויפיג פאַרבלייבען. קיין בע־סערעס איז ניטאָ. דאָס פאָרגעשלאָגענע פון דער נ. ב. א. ד. וועט זיכער בעסער ניט מאַכען; ערגער וואַרשיינליך יאָ. לאָמיר בעסער פּרובירען זיך איינלעבען מיט דאָס וואָס מיר האָבען אונטער דער פאָרם, וועלכע האָט געבראַכט צו שלום אין אונזערע רייהען און האָט געטאָן די בעסטע אַרבייט זינט איך קען דעם אַרבייטער רינג.

---

י. ל. קאַלושינער:

# אומרוה

שלאַנגענדיגע אומרוה מיינע,
פּרעסערישע וועה,
פאַלגסט מיך נאָך אויף מיינע וועגען-
וואו איך שטעה און געה.

ב'פּיהל דיין שרעק אין יעדען אבר,
קיהלענדיג מיין בלוט;
דונקעלסט מיר אין מיינע אויגען, —
צינדסט זיי אָן אין גלוטה...

און איך געה אום ווי אַ שכור,
וואַקלענדיג און מיעד,
יעדען טאָג אַ וואונד אַ נייע
אין מיין הארצען גליהט.

שלאַנגענדיגע אומרוה מיינע,
ווערעמדיגער קריך, —
בלייבט דיין נעסט ביי מיר שוין אייביג,
צי פאַרשווינדסטו גיך?

---

אויב אייער פריינד האָט עפּעס געזוכט און האָט עס אין ערגעץ נישט געפונען, זאָל ער עס פּרובען זוכען אין אַרבייטער־רינג.

* * *

פון אַ פּרעסע, וואָס איז פּראָסטיטואירט, דעגענערירט און פאַר־קויפט, קענען מיר נישט ערוואַרטען קיין קאָמפּלימענטען פאַר אינ־דוסטריעלע דעמאָקראַטיע.

נאָך אַלעמען האָבען די בורבאָנען־דעמאָקראַטען נישט אַרויסגע־נומען קיין קאָנטראַקט אויף צעהן יאָהר. ניט איין וואַסערל וועט נאָך איבערלויפען פאַר דער צייט. מיר מיינען עס אַקעגען דעבס'ן...

* * *

... פייערט דעם ערשטען מאַי מיט'ן אריינגעהן אַלס מעמבער אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

# אבצעהנטער רעפּאָרט צו דער נײַנצעהנטער קאָנווענשאָן פון ארבייטער רינג אין דעטראָיט מיש.

## בעאַמטע פון יאָהר 1919-18

אב. עפשטיין — — — — — טשערמאן
ס. וואָלאָס — — — — — וויים־טשערמאן
מאקס פערלאָוויץ — — — טרעזשורער
י. באַסקין — — — דזשענ. סעקרעטער
פ. געליעבטער — — רעק. סעקרעטער
מאיר לאָנדאָן — — ליגעל אדווייזער
י. ב. ביילין — — — — רעדאקטאָר

## די נאציאָנאלע עקזעקוטיוו קאָמיטע

**ארגאניזיישאָן קאָמיטע:**

י. דינערשטיין, טשערמאן
אב. עפשטיין
ס. וואָלאָס
ס. סילווערמאן
מ. גערשאָנאָוו

**סאניטאריום קאָמיטע:**

ר. גוסקין, טשערמאן
א. אדלער
דזש. ראָטמאן
מאקס פערלאָוויץ
א. צוקער

**אָפיס קאָמיטע:**

מ. דייווידאָף, טשערמאן
מ. איוועגסקי
מ. זוּאהלבערג
י. וויינבערג
נ. פריימאן

**בענעפיט קאָמיטע:**

ל. ראָטמאן, טשערמאן
ס. גאָלדינג
י. וויינשטיין
מ. שפינראד
ז. שפייער

**עדיוקיישאָנאל קאָמיטע:**

ב. האָפמאן (צביון) טשערמאן.
ה. בורגין
ר. זאלצמאן
פ. יורימש
ס. יעלין

**גריוועגס קאָמיטע:**

מ. וויינבלאַט, טשערמאן
ב. וואלאָוויץ
ב. וואולף
מ. מאלאט
מ. פערעלשטיין

**נעשאָנאל באָארד אָוו דירעקטאָרען:**

מ. י. אשפיז, ניו יאָרק
ב. סלאווין, ניו דזשוירזי
י. חלס, רהאָוד איילאנד
י. מאטענקא, קענעדא
א. ראפּסין, וויסקאָנסין
ח. טייטעלמאן, פענסילווייניא
ל. בענענסאָן, אילינאָי
ר. שייער, מיננעסאָטא
וו. ראָזען ווירדזשיניא
ח. דעי, מעין סטייט
ס. שקלאווין, מישיגען
ה. יאנאָווסקי, קאָנעטיקוט
ל. דזשאספער, אָהייאָ
ע. סאָקאָלאָוו, מערילענד

**סאניטאריום מעדיקאל אדווייזערי באָארד:**

דר. דזש. האלפערן
דר. ס. אינגערמאן
דר. מ. ג. פריעדמאן
דר. מ. ראָם
דר. ש. פעסקין
דר. מ. ראָזענטהאל

**אלגעמיינע מעדיקאל אדווייזערי באָארד:**

דר. דזש. האלפערן
דר. ח. קלימענקאָ
דר. י. א. מאָריסאָן
דר. אב. קאספע
דר. א. היימאָוויץ
דר. ב. נעלסאָן
דר. פעני רעמבאָ
דר. י. בארסקי

# באריכט פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע פון ארבייטער רינג

צו די דעלעגאטען פון דער 19טער יעהרליכער קאנווענשאן
און צו אלע מיטגליעדער פון א. ר.

ווערטע פריינדע,

אין דיזען באריכט, וואס מיר גיבען אייך דא איבער, איז פאר אונז נים נויטיג זיך אפצושטעלען אויף אלע איינצעלהייטען איבער דער ארבייט, וועלכע איז אין פארלויף פון יאהר אונטערגענומען און דורכגעפיהרט געווארען, ווייל דיזע אלע איינצעלהייטען ווערען באריהרט אין די באזונדערע באריכטען פון די פארשיעדענע דעפארטמענט קאמיטעס, וועלכע שטעלען צוזאמען די נאציאנאלע עקזעקוטיוו קאמיטע.

פאקטיש איז די גאנצע ארבייט פון דער אלגעמיינער עקזעקוטיוו קאמיטע א ווידערהאלונג פון די איינצעלנע קאמיטעס. דורכ'ן מאנאט פאסען זיי באשליסע און ברענגען זיי אלס רעקאמענדיישאנס צום מאנאטליכען מיטינג פון דער אלגעמיינער עקזעקוטיווע, וועלכע הייסט גוט, אמענדירט, אדער ווייזט אין גאנצען צוריק.

מיר ווילען דאריבער אהן ווייטערע הקדמות איבערגעהן צו אונזער באריכט, וועלכער וועט זיך בלויז באציהען איבער דער ארבייט וואס טראגט אן אלגעמיינעם כאראקטער און וועלכע איז געטאן געווארען פון דער גאנצער עקז. קאמ.

די טעטיגקייט פון דער נאצ. עקזעקוטיוו קאמיטע באשטעהט אין פאלגענדע צוויי הויפט־פונקטען: 1) אלגעמיינע אינערליכע ארבייטער רינג פראגען, און 2) געזעלשאפטליכע טעטיגקייט.

## אלגעמיינע ארבייטער רינג פראגען

### די לעגאליזירונג פון ארבייטער רינג

דער פראטוירנאל־רייטס סיסטעם, וועלכער איז איינגעפיהרט געווארען אנפאנג יאהר 1918, האט געגעבען דעם א. ר. די מעגליכקייט צו ווערען געזעצליך אין פיעלע סטייטס, וואו ביז יעצט האט דער ארב. רינג צוליעב זיינע פריהעריגע צאהלונגען נים געקענט ווערען געזעצליך.

די עקזעקוטיוו קאמיטע פון לעצטען יאהר האט ביים אינסטאלליישאן אונז אינסטרואירט פארטצוזעצען די ארבייט פון לעגאליזירען דעם ארב. רינג, וואס זי האט שוין טיילווייז געהאט אנגעפאנגען. מיר האבען גלייך ערוועהלט א „ליגעל קאמיטע", וועלכע האט צוזאמען מיט אונזער ליגעל אדווייזער זיך גענומען דורכפיהרען דיזע ארבייט. אפליקיישאנס פאר טשארטערס זיינען ארויסגעשיקט געווארען אין אלע אונגעזעצליכע סטייטס. מיר האבען אויך איינגעלאדען דעם קאמישיאנער אוו אינשורענס פון ניו־יארק צו מאכען אן אויספיהרליכע אונטערזוכונג וועגען דעם פינאנציעלען צושטאנד פון א. ר. אזא אונטערזוכונג איז געמאכט געווארען, און נאך דעם ווי צוויי קלוירקס פון אינשורענס דעפארטמענט האבען אומגעפעהר צוויי וואכען געארבייט אויף דער אונטערזוכונג, האבען מיר געקראגען פון אינשורענס קאמישאנער א זעהר גינסטיגען ראפארט, וועלכער האט געציינט, אז די פינאנצען און די פארשיעדענע פאנדס פון ארב. רינג געפינען זיך אין א גלענצענדען צושטאנד. מיר האבען ארויסגעשיקט קאפיעס פון דיזען ראפארט צו אלע אינשורענס קאמישיאנערס פון אלע סטייטס, וואו מיר האבען אפעלירט נאך טשארטערס, און נאך א רייהע פון פראגען און אנטווארטען און לאנגע קארעספאנדענצען מיט די פארשיעדענע אינשורענס קאמיסיאנערס האבען מיר בּיסלאכווייז אנגעפאנגען ארייננצוקריגען טשארטערס פון איינינגע סטייטס.

עס מוז דא באמערקט ווערען, אז ניט אין אלע סטייטס איז דאס קריגען פון די טשארטערס אזוי לייכט אנגעקומען. אין אייניגע סטייטס האבען מיר זיך געמוזט שטעלען אין פארבינדונג מיט ארטיגע גרויסע לאיערס און עס האט געקאסט פיעל מיה, ענערגיע, צייט און אויך געלד ביז מיר האבען דארט געקענט ווערען געזעצליך.

אין מאמענט ווען דיעזער ראפארט ווערט געשריבען, האבען מיר שוין געקראגען טשארטערס פון 14 סטייטס אין אמעריקא און 2 פראווינצען אין קענעדע. צוזאמען מיט די 10 סטייטס, אין וועלכע מיר זיינען פריהער אויך געווען געזעצליך, זיינען מיר יעצט פאקטיש אינקארפארירט אין 24 וויכטיגע סטייטס פון אמעריקא און 2 פראווינצען אין קענעדע, מיט א געוויסע צאהל סטייטס און אויך איין פראווינץ אין קענעדע שטעהען מיר נאך יעצט אין פארבינדונגען, און די אויסזיכטען שיינען צו זיין זעהר גינסטיגע.

אן אויספיהרליכען באריכט באצוג דער לעגאליזירונג וועט אונזער פארטרעטער צום קאנווענשאן מוזען אפגעבען מינדליך, ווייל ניט אלעס וואס איז מיט דיעזער פראגע פארבונדען קען אין דיעזען באריכט פארעפענטליכט ווערען.

### מעמבערשיפ קאמפיין

אבוואהל די פראגע פון מעמבערשיפ קאמפיין באלאנגט אויסשליסליך צו דער ארגאניזאציאנס קאמיטע, און דיזע פראגע ווערט זיכער באריהרט אין זייער ראפארט מיט מעהרערע איינצעלהייטען, דאך געפינען מיר אויך פאר נויטיג עטוואס צו זאגען.

אין דער צייט ווען מיר זיינען אינסטאלירט געווארען האט די גרויסע וועלט־מלחמה דערגרייכט איהר העכסטע שטופע, די לאגע אין לאנד איז דאמאלס געווען זעהר א קריטישע, דער עלעמענט צו וועלכען מיר אפעלירען זאלען ווערען ביי אונז מעמבערס האבען זיך געפונען אין א שרעקליכען פארצווייפעלטען און גדריקטען צושטאנד, די געפאהר צו ווערען אפגעריסען פון דער היים און געשיקט צו ווערען אויף די שלאכטפעלדער אויף יענער זייט ים האט געסטראשעט ניט נאר די 21 ביז 31 יעהריגע, נאר אויך די 18 ביז 45 יעהריגע. און גראדע אין דיעזען מאמענט, ווען די גאנצע וועלט איז געווען פול מיט יאוש, האבען מיר, א דאנק אונזער אפטימיטיזם, זיך אונטערגענומען צו שאפען נייע אכט טויזענד רעקרוטען פאר אונזער ארגאניזאציאן. אונזער לאזונג איז געווען: 70 טויזענד מעמבערס צום קאנווענשאן. אין דער צייט ווען דיזע צייל]ען ווערען געשריבען איז אונזער לאזונג שוין פארווירקליכט געווארען אין א פאקט. מיר האבען שוין איצט זיבעציג טויזענד מעמבערס און עס איז מעהר ווי זיכער, אז ביים קאנווענשאן וועלען מיר אייך קענען באריכטען פון נאך אייניגע טויזענד נייע מעמבערס.

אמת, די ארבייט איז געווען זעהר א שווערע, ווייל א חוץ די מלחמה האט אונז אויך די שרעקליכע עפידעמיע זעהר פיעל געשטערט, נאר א דאנק די הארמאניע און די איבערגעבענהייט פון אלע מיטגליעדער פון דער עקזעקוטיוו קאמיטע איז אונז געלונגען דורכצופיהרען דעם קאמפיין אזוי ערפאלגרייך. ביי דיעזער געלעגענהייט ווילען מיר אויך זאגען, אז עס קומט א גרויסען דאנק אונזערע ברענטשעס און מעמבערס, וועלכע האבען פארשטאנען די וויכטיגקייט פון פארגרעסערען אונזער ארגאניזאציאן און האבען אונערמיעדליך געארבייט צו מאכען דעם א.ר. שטארקער און גרעסער, און וואלטען אונזערע קרעפטען ניט געווען אזוי באשרענקט, און מיר וואלטען געקענט באזוכען אלע שטעדט און שטעדטלאך, וואו מיר האבען ברענטשעס, וואלטען מיר זיכער געקענט קומען צום קאנווענשאן מיט א פיעל, פיעל פארגרעסערטער מעמבערשיפ. דער פאקט איז, אז אין די אייניגע שטעדט וואס זיינען פון אונזערע פארטרעטער באזוכט געווארען זיינען געווען מעהר פראדוקטיוו אויף דעם געביעט פון ארגאניזאציאנס־ארבייט.

## אונזערע נעדרעפטעטע מעמבערס

אין דער צייט ווען דער וואפענשטילשטאנד איז ערקלערט געווארען, האבען מיר געהאט אומגעפעהר צוויי טויזענד פינף הונדערט מיטגליעדער, וועלכע האבען זיך געפונען אין דער אמעריקאנער ארמי און נייווי. עס איז אונז ניט באוואוסט, וויפיעל פון זיי ס'זיינען געוועזען אויפ'ן שלאכטפעלד. פון די אפיציעלע ליסטען, וואס מיר האבען ערהאלטען, ווייסען מיר, אז 40 פון זיי זיינען געשטארבען, איינינע אויף די שלאכטפעלדער און די איבעריגע אין די קעמפס. אין דער צייט ווען דיעזער באריכט ווערט געשריבען האבען זיך שוין אומגעפעהר פון 35 ביז 40 פראצענט געמאלדען אין זייערע ברענטשעס אלס דיסטשארדזשטע און פאנגען אליין אן צו צאהלען זייערע דיוס. אין דורכשניט איז אויסגעצאהלט געווארען פון דעם 10 סענטיגען טעקס פאר זייערע דיוס עטוואס מעהר ווי פינף טויזענד דאלאר יעדען קווארטאל. עס איז איבריג פאר אונז זאגען ווי גרויס עס איז די דאנקבארקייט און אנערקענונג פון אלע געדרעפטעטע מעמבערס צום ארבייטער רינג דאמיט וואס מיר האבען געצאהלט זייערע דיוס און מיר האבען זיי געגעבען די געלעגענהייט צו בלייבען אין אונזערע רייהען.

מיר וועלען אויך אנדייטען, אז דער נייער דרעפט געזעץ, וואס האט אנגעריהרט דעם עלטער פון 18 ביז 46 יאהר, האט אונז פארשאפט א היבש ביסעל ארבייט. ווי איהר ווייסט, האט דער ארבייטער רינג דורך דער גאנצער צייט זייט די מלחמה האט אנגעהאלטען אריינגענומען מיטגליעדער וועלכע זיינען אין עלטער פון 21 ביז 31 יאהר בלויז אין דער פיערטער קלאסע. ווען עס איז אבער אנגענומען געווארען דער נייער דרעפט געזעץ, אונטער וועלכען ס'זיינען אויך אונטערווארפען געווארען די 18 און 46 יעהריגע, האבען מיר ביי א געוויסען מיטינג באשלאסען, אז אלע נייע קאנדידאטען זאלען בלויז אריינגענומען ווערען אין פיערטען קלאס.

און אזא צושריפט איז ארויסגעשיקט געווארען צו אלע ברענטשעס. מיר האבען אבער באלד איינגעזעהן, אז אויב דיעזער באשלוס זאל דורכגעפיהרט ווערען, וואלט דאס געמיינט, אז דאמיט ווערט אפגעשטעלט דער גאנצער צופלוס אין נייע מעמבערס און עס וואלט טיילווייז פאראליזירט די גאנצע אקטיוויטעט אין דעם א. ר. נאך א רייהע פון דיסקוסיאנען און באראטונגען האבען מיר דיעזען באשלוס צוריקגערופען. גליקליכערוויזע האבען מיר ניט קיין אורזאכע חרטה צו האבען אויף דער צוריקציהונג פון דיעזען באשלוס. באלד ווי דער וואפענשטילשטאנד איז ערקלערט געווארען האבען מיר, דורך ספעציעלע בריעף צו די בר. און אויך דורך דער פרעסע, געלאזט וויסען אז אלע קאנדידאטען אהן אויסנאהם קענען אריינגענומען ווערען אין אירגענד וועלכען קלאס.

## די עפידעמיע (אינפלוענציע)

ווען איהר וועט דורכלעזען די טאבעלען וועגען טויטען־פעלע און קראנקען בענעפיט, געדרוקט אויף אן אנדער פלאץ אין דיעזען באריכט, וועט איהר זיך אליין קענען משער זיין וויפיעל דער ארבייטער רינג האט געליטען פון דער שרעקליכער מגפה אינפלוענציע. הונדערטע און הונדערטע מעמבערס פון א. ר. אדער זייערע פאמיליען פלעגען טאג־טעגליך באלאגערען דעם אפיס פארלאנגענדיג הילפע. ביי פיעלע פון אונזערע מעמבערס זיינען גאנצע פאמיליעס אנגעגריפען געווארען פון דער קראנקהייט און ס'איז אונמעגליך געוועזען צו קריגען א דאקטאר אדער א נוירס. מיר האבען געפיהלט, אז עפעס מוז געטאן ווערען אום צו העלפען אונזערע מעמבערס אין אזא עת צרה. מיר האבען אבער פאר אזעלכע צופעלע קיינע ספעציעלע פאנדס. דיעזער אונגליק האט אונז אוועקגעשטעלט אין א זעהר פארצווייפעלטער לאגע, און וואלטען מיר ניט געהאט די דריי טויזענד דאלאר, וואס דער לעצטער קאנווענשאן האט באוויליגט פאר פארשיעדענע האספיטעלער, וועלכע מיר האבען נאך ניט פארברויכט, ווי מיר וועלען אייך ווייטער באריכטען, וואלטען מיר ווירקליך ביי אונזער בעסטען ווילען גאר ניט געקענט טאן. און אבוואהל פאנדס פון א. ר. טארען פון דער עקזעקוטיוו קאמיטע ניט באנוצט ווערען פאר אנדערע צוועקען ווי נאר פאר די פאר וועלכע זיי זיינען באשטימט פון קאנווענשאן און רעפערענדום, זיינען מיר דאך געצוואונגען געווען אויסצובארגען א געוויסע סומע געלד פון דיעזע דריי טויזענד דאלאר, מיט דער האפנונג, אז איהר וועט נעהמען אין אנבאטראכט די שרעקליכע אומשטענדען און וועט גוטהייסען אונזער האנדלונג.

אויף דעם רוף פון דער עקזעקוטיוו קאמיטע האבען זיך אין איינינע שטעדט געגרינדעט הילפס־קאמיטעס. ספעציעל זיינען אויף דיעזען געביעט געוועזען טעטיג ניו־יארק און פילאדעלפיא. פאר דיעזען צוועק האבען מיר פילאדעלפיא געשיקט א געוויסע סומע געלד, און אין ניו־יארק האבען מיר ארגאנעזירט א סטעף נוירסעס און עטליכע דאקטוירים, וועלכע האבען געגעבען מעדיצינישע הילפע צו אונזערע מעמבערס. פאר דיעזער הילפס־ארבייט איז פארברויכט געווארען ארום טויזענד דאלאר, און אורטיילענדיג פון די פיעלע דאנק־בריעף, וועלכע מיר האבען באקומען פון אונזערע מעמבערס, וואו ס'ווערט אויסגעדריקט די צופריעדענהייט מיט דער הילפע וואס מיר האבען זיי געגעבען אין צייט פון נויט, איז ווערטה געוועזען דאס געלד און די ענערגיע וואס מיר האבען אוועקגעגעבען פאר דיעזע ארבייט.

## דאניישאנס פאר האספיטעלער

ווי מיר האבען שוין פריהער געזאגט, זיינען די דריי טויזענד דאלאר, וואס די קאנווענשאן און רעפערענדום האבען באוויליגט פאר פארשיעדענע האספיטעלער, ניט אין גאנצען פארברויכט געווארען, און מיר זיינען אייך שולדיג וועגען דעם אן ערקלערונג. מיר האבען גענומען אין אנבאטראכט, אז אויב געבען דאניישאנס צו האספיטעלער מוזען מיר דאס טאן אין אלע גרויסע צענטערן, וואו מיר האבען א גרויסע מעמבערשיפ. די סומע פון דריי טויזענד דאלאר איז פיעל, פיעל צו ווייניג. דער א. ר. קען זיך ניט ערלויבען צו געבען א דאניישאן צו אירגענד וועלכע אינסטיטושאן פון א קליינע אונבאדייטענדע סומע, און דערפאר וועט איהר געפינען אין אונזער רעקאמענדיישאן, אז אין פרינציפ זיינען מיר פאר דעם געדאנק, אז דער א. ר. זאל זיין פארבונדען מיט אלע אידישע האספיטעלער אין די גרעסערע שטעדט. מיר מוזען אבער פאר דעם צוועק שאפען א גענוגענדע סומע געלד.

לכתחילה זיינען מיר געוועזען מיט דער מיינונג, אז מיר זאלען די דריי טויזענד דאלאר גאר ניט ריהרען און איבערגעבען די גאנצע פראגע נאך אמאל צום קאנווענשאן. נאר נאך א רייהע פון מיטינגען, דיסקוסיאנען און באראטונגען מיט אונזער מעדיקאל אדווייזערי באארד, האבען מיר איבערגעגעבען די פראגע צו דער בענעפיט קאמיטע, וועלכע האט דורך דער רעקאמענדיציאן פון דער מעדיקאל אדווייזערי באארד זיך געשטעלט אין פארבינדונגען מיט די פאלגענדע דריי האספיטעלער פון ניו יארק: „בית ישראל האספיטאל“, „לבנון האספיטאל“ און „מאנטעפיארע האום“. יעדער האספיטאל קריגט 500 דאלאר א יאהר און דאס בארעכטיגט אונז אלס מעמבערס אין די אינסטיטושאנס. אין בית ישראל האספיטאל האבען מיר שוין אונזער דאניישאן אריינגעשיקט, וועהרענד מיט די אנדערע צוויי האלטען מיר נאך אין פארהאנדלען. עס איז אונזער ערנסטע מיינונג, אז ווען דער ארבייטער רינג זאל קענען זיין פארבונדען מיט אלע אידישע האספיטעלער, וואלטען די מעמבערס פון א. ר. זעהר פיעל פון דעם פראפיטירט.

## דער פינאנציעלער צושטאנד פון א. ר.

מיר ציהען ספעציעל אייער אויפמערקזאמקייט אויף דיעזען טייל פון באריכט, און דאס איז דער פינאנציעלער צושטאנד פון אונזער ארגאניזאציאן. אבוואהל מיר האבען דורכגעלעבט אזא שווערען און ביטערען יאהר, א יאהר פון מלחמה, א יאהר פון א שרעקליכער עפידעמיע, וועלכע האט אנדערע עהנליכע ארגאניזאציאנען פשוט רואינירט, פיעלע זיינען געוועזען געצוואונגען צו מאכען ספעציעלע טעקסעס אויף זייערע מעמבערס, מאנכע האבען אויסגעשעפט זייערע גאנצע רעזערוו־פאנדס און איינינע פון זיי שטעהען איצט ביים שוועל פון אונטערגאנג, שטעהט דער ארבייטער רינג מיט זיינע פאנדס אייזען שטארק. עס איז אמת, אז דורך דער שרעקליכער עפידעמיע האבען מיר אין פארלויף פון צוויי קווארטאלען אויסגעצאהלט קראנקען בענעפיט אומגעפעהר מיט הונדערט טויזענד דאלאר מעהר ווי אין נארמאלע צייטען, דאך געפינען מיר זיך פארלויפיג

ניט אין אזא לאגע צו דארפען מאכען א ספעציעלען טעקס, און אבוואהל מיר האבען היינטיגען יאהר געהאט מיט 248 מעהר טויטען־פעלע ווי לעצטען יאהר, איז אונזער טויטען־פאנד ניט נור פארקלענערט געווארען, נאר ער איז פארגרעסערט געווארען מיט פיעלע צעהנדליגע טויזענדער דאלאר (זעה טאבעלע), און דאס איז נאר צו פארדאנקען אונזער נייע סיסטעמע פון „פראטוירנאל־רייט“ צאהלונגען, וועלכע איז לעצטען יאהר איינגעפיהרט געווארען.

## פובליסיטי

א גרויסע טייל פון אונזער אקטיוויטעט איז אוועקגעגעבען געווארען פאפולער צו מאכען דעם א. ר. צווישען די ברייטע אידישע ארבייטער־מאסען. יעדע נייע ערשיינונג, סיי אין אינערליכען לעבען פון א. ר. און סיי אין אלגעמיינעם געזעלשאפטליכען לעבען אויף דער אידישער גאס, איז פון אונז אויסגענוצט געווארען צו פראפאגאנדירען דעם ארבייטער רינג.

זעהר פיעל האבען מיר צו פארדאנקען דעם „פארווערטס“, וועלכער האט אונז צו יעדער צייט געגעבען אזוי פיעל פלאץ וויפיעל מיר האבען געוואלט. מיר האבען זיך אויך מעהרערע מאל באנוצט מיט דער טרייד יוניאן פרעסע, האבענדיג פון צייט צו צייט ארטיקלען און אויפרופען וועגען ארבייטער רינג און זייערע ספעציעלע טרייד־ארגאנען.

פובליסיטי איז ביי אונז שטענדיג געווען אויף דער טאגעס־ארדנונג אלס דער וויכטיגסטער פונקט. מיר וועלען ניט זיין צופיעל באשיידען און זאגען, אז מיר זיינען אויף דיעזען געביעט געווען זעהר ערפאלגרייך.

## סעקרעטערע

עס איז שוין כמעט א מנהג אין א. ר., אז יעדען יאהר דארף די עקז באריכטען וועגען סעקרעטער. מיר ווילען ניט זיין די, וואס זאלען דעם מנהג ברעכען. דערפאר באריכטען מיר אויך אין קורצען, אז פר. י. באסקין איז ווידער ערוועהלט געווארן אלס סעקרעטער און פר. פ. גליעבטער איז ווידער ערוועהלט געווארען אלס רעקארדינג סעקרעטער. די באציהונגען צווישען די עקזעקוטיוו מיטגליעדער און די סעקרעטערע זיינען אמת פריינדליכע אין הארמאנישע און זייער ארבייט איז פאר אונז אין אלגעמיין צופרידענשטעלענד.

## קא־אפעראטיווען לייבאר לייסעאומס און יובילעאומס

עס פארשאפט אונז פיעל פארגעניגען צו באריכטען, אז אונזערע ברענטשעס איבער'ן גאנצען לאנד האבען אנגעפאנגען א ברייטע טעטיגקייט פאר קא־אפעראטיווען און לייבאר לייסעאומס. מיר האבען אלע מאל באטראכט קא־אפעראציאן און לייבאר לייסעאומס אלס א וויכטיגען טייל פון אונזער ארבייט, און מיר האבען אלע מאל דיעזע אונטערנעהמונגען געשטיצט, ספעציעלע דיעזען יאהר האבען מיר זעהר פיעל ארבייט אוועקגעגעבען אויף דיעזען געביעט. א חוץ דעם וואס אונז איז זעהר אפט אויסגעקומען צו קומען צו אונזערע ברענטשעס אין פארשיעדענע שטעדט און שטעדטלאך אין די אינטערעסען פון א. ר. האבען מיר אויך מעהרערע מאל אפגעגעבען אבענדען און טעג צו העלפען אונזערע ברענטשעס גרינדען קא־אפעראטיווען און שאפען לייבאר לייסעאומס. זעהר אפט איז אונז אויך אויסגעקומען צו באזוכען ברענטשעס אויף איינלאדונגען צו זייערע יובילעאומס, וועלכע זיינען אויסגענוצט געווארען פאר פראפאגאנדא פאר'ן ארב. רינג. אויב מיר זיינען צו איניגע ברענטשעס ניט געקומען צו זייערע איינלאדונגען, איז דאס ניט געווען דערפאר, ווייל מיר האבען ניט געוואלט, נאר ווייל די איינלאדונגען זיינען געווען אין א זעהר גרויסער צאהל און כמעט אלע אין איין צייט, און ס'איז פשוט געווען א פיזישע אונמעגליכקייט צו קענען אלע באזוכען.

מיר בעטען דיזע אלע ברענטשעס זאלען אונז ענטשולדיגען.

אויסער אונזערע אייגענע ברענטש יובילעאומס האבען מיר זיך אויך באטייליגט אין דעם 30־יעהריגען יובילעאום פון די פאראייניגטע געווערקשאפטען, און אין דעם יובילעאום צו פייערען 25 יאהר ליטערארישע טעטיגקייט פון גענאסע אברהם ליעסין.

## הארמאניע און צוטרויען

אין אלגעמיין, קען געזאגט ווערען, האבען מיר לעצטען יאהר געהאט א יאהר פון אמת'ע הארמאניע סיי אין דער פארוואלטונג און סיי אין גאנצען ארבייטער רינג. ס'איז אמת, אז ניט אין אלע פראגען, וואס אגנז איז אויסגעקומען צו האנדלען, זיינען אלע מיטגליעדער פון דער עקז. געווען איינשטימיג. זעהר אפט האבען פיעלע פראגען ארויסגערופען ווארימע דיסקוסיאנען, אבער עס האט קיינמאל ניט געפיהרט דאצו, אז עס זאל שטערען אונזער ארבייט. יעדער מיטגליעד האט געפיהלט די גרויסע פאראנטווארטליכקייט צו דער ארגאניזאציאן, און דערפאר זיינען אלע אונזערע פארהאנדלונגען געווען דורכגעדרונגען מיט א הארמאנישען גייסט, אויך מיט דער נאציאנאלער באארד אוו דירעקטארען האבען מיר געלעבט זעהר פריינדליך. אין מעהרערע וויכטיגע פראגען האבען מיר זיך מיט זיי באראטען, און אויך זיי האבען פיעל מיטגעווירקט אין דעם ערפאלג פון אונזער פארוואלטונג. וואס אנבאלאנגט די ברענטשעס איבער'ן גאנצען לאנד, קענען מיר זאגען, אז מיר האבען אין פארלויף פון יאהר זיך ניט אנגעשטויסען אויף קיין איין פאל וואו ברענטשעס זאלען האבען ארויסגעצייגט מיסטרויען אדער אונצופריעדענהייט מיט דער פארוואלטונג. יעדער נייער פארשלאג אדער אויפרוף פון דער עקזעקוטיוו. קאמיטע איז ווארים אונטערשטיצט געווארען פון אלע אונזערע ברענטשעס, מיט דער אויסנאהמע פון א צוויי־דריי ברוקלינער ברענטשעס, ביי וועלכע ס'איז שוין א כראנישע קראנקהייט פון צייט צו צייט צו וועלען מאכען א ביסעל טומעל. היינטיגעס יאהר איז עס צוליעב דעם וואס זיי האבען געוואלט א ספעציעלע טעריטאריע צו נאמינירען דעלעגאטען צו דער קאנווענשאן, און די עקזעקוטיוו קאמיטע איז געווען מיט דער מיינונג, אז זיי זיינען דאצו ניט בארעכטיגט.

## געזעלשאפטליכע טעטיגקייט

### מלחמה קרבנות

זייט די מלחמה האט זיך אנגעפאנגען האט שוין דער א. ר. איבערגעשיקט פאר די מלחמה קרבנות אויף יענער זייט ים די סומע פון גענויע 80 טויזענד דאלאר. דיעזע סומע איז דירעקט פון אונזער אפיס איבערגעגעבען געווארען צו דער „פיפעלס רעליעף“ מיט וועלכע מיר זיינען פארבונדען. מיר זיינען אבער זיכער, אז פיליייכט נאך אמאל אזוי פיעל איז געזאמעלט געווארען פון אונזערע ברענטשעס און איז געשיקט געווארען דירעקט צו די פארשיעדענע רעליעף קאמיטעס דא אין לאנד און אויך פון פארשיעדענע לאנדסלייט ברענטשעס דירעקט נאך יוראפ, פון וועלכע מיר האבען ניט קיין רעקארדס.

דיעזען יאהר האבער מיר זיך אונטערנומען צו זאמלען א סומע פון 25 טויזענד דאלאר פאר אונזערע אומגליקליכע שוועסטער און ברידער אויף יענער זייט ים. מיט דער צושטימונג פון דער סאניטאריום קאמיטע האבען מיר אונזער יעהרליכען „סאניטאריום יום־טוב“, וועלכען אונזערע ברענטשעס פלעגען פייערען דורך אונטערנעהמונגען פאר אונזער סאניטאריום, פארוואנדעלט אין א טאג פון רחמנות פאר אונזערע מלחמה ליידענדע.

מעהרערע בריעף זיינען ארויסגעשיקט געווארען צו אלע סיטי און דיסטריקט קאמיטעס און אויך צו אלע אונזערע ברענטשעס, וועקענדיג זיי צו אקטיוויטעט, צו זאמלען וואס מעהר געלד. עס איז אויך אויסגעקומען צו באזוכען פיעלע שטעדט און שטעדטלאך, וואו ס'זיינען ארגאנזירט געווארען אונטערנעהמונגען פאר די מלחמה קרבנות.

מיט גרויס פרייד קענען מיר אייך באריכטען, אז אלע אונזערע ברענטשעס האבען זיך זעהר ווארים און הארצליך אפגערופען אויף אונזער אפיעל, און אונזער אונטערנעהמונג וועט זיכער געקרוינט ווערען מיט גרויס ערפאלג. אין דער צייט ווען דיעזער באריכט ווערט געשריבען איז שוין אין אפיס אריינגעקומען די סומע פון אומגעפעהר 20 טויזענד דאלאר. מיר זיינען מעהר ווי זיכער, אז ווען דיעזער באריכט וועט אייך דערגרייכען וועלען מיר האבען די פולע סומע פון 25 טויזענד דאלאר. מיר ווילען זיך באנוצען מיט דער געלעגענהייט און דערמאנען ספעציעל די דריי ברענטשעס פון ווירדזשיניא סטייט, בר. 212, בר. 313 און בר. 513, וועלכע האבען אלע צוזאמען אין גאנצען

א מעמבערשיפ פון 273, האבען געשאפען די סומע פון גענויע פיער טויזענד דאלאר.

נעהמענדיג אין אנבאטראכט דעם שרעקליכען יקרות און אויך די ארבייטסלאזיגקייט, וואס פאנגט זיך אן צו פיהלען דא אין לאנד, קענען מיר זיך גראטולירען מיט די רעזולטאטען פון דיעזער ערפאלגרייכער אונטערנעהמונג.

## מיליאן דאלאר פאנד

ווי איהר ווייסט, האט די סאציאליסטישע פארטיי פון אמעריקא לעצטען יאהר אנגעפיהרט א באוועגונג צו שאפען א מיליאן דאלאר פאנד פאר דעם סאציאליסטישען וואהל־קאמפיין און אויך צו פארטיידיגען אונזערע פאליטישע ארעסטירטע. אזוי שנעל ווי מיר זיינען אינסטאלירט געווארען האבען מיר גלייך דיעזע פראגע געשטעלט אויף אונזער טאגעס־ארדנונג און מיר האבען באשלאסען, אז דער חלק וואס דער א. ר. דארף ביטראגען צום מיליאן דאלאר פאנד זאל זיין 10 טויזענד דאלאר. מעהרערע קאנפערענצען זיינען אויף אונזער איניציאטיווע גערופען געווארען צו מאכען די אונטערנעהמונג פאפולער.

אויך אין דיעזער אונטערנעהמונג האבען זיך כמעט אלע ברענטשעס זעהר אקטיוו באטייליגט, און וואלט זיך פלוצלינג ניט ארייננעריסען די שרעקליכע מגפה (אינפלוענציע), וועלכע האט בוכשטעבליך פאראליזירט די טעטיגקייט אין די ברענטשעס, זיינען מיר מעהר ווי זיכער, אז די סומע וואלט געווען פיעל, פיעל מעהר ווי מיר האבען זיך אונטערנומען. יעדענפאלס האבען מיר זיך ניט וואס צו באקלאגען. טראץ די שרעקליכע אומשטענדען זיינען דאך געזאמעלט געווארען איבער זיבען טויזענד דאלאר, וועלכע זיינען איבערגעשיקט געווארען צום נאציאנאלען אפיס פון דער סאצ. פארטיי. עס מוז אויך אין אנבאטראכט גענומען ווערען, אז גרויסע סומען געלד זיינען דורך אונזערע ברענטשעס און מעמבערס געזאמעלט געווארען פאר זייערע ארטיגע לאקאלע קאמפיינס.

## די „ניו יארק קאלל“

אויף דער ערקלערונג פון די ארויסגעבער פון דער „קאלל“, אז זיי ווילען שאפען הונדערט טויזענד־דאלאר פאר אן אייגענער פרינטינג פלענט, כדי צו שטעלען די צייטונג אויף א זיכערען באדען און ארויסנעהמען איהר פון דער געפאהר, וועלכע דראהעט איהר, אז קיינע פון די קאפיטאליסטישע פרינטינג שעפער, צו וועלכע זי דארף אנקומען, זאל זיך ענטזאגען געגנצליך זי צו דרוקען, האבען מיר באשלאסען באהילפיג צו זיין דיעזע אונטערנעהמונג מיט אלע אונזערע מעגליכקייטען. בריעף זיינען ארויסגעשיקט געווארען צו אלע אונזערע סיטי און דיסטריקט קאמיטעס און אויך צו אלע ברענטשעס, אויפפאדערענדיג זיי צו העלפען דער „קאלל“ אין איהר קריטישער לאגע. לויט די רעזולטאטען, וואס מיר האבען שוין געקראגען, שיינט עס, אז דער ארבייטער רינג וועט אויך אין דיעזער אונטערנעהמונג האבען א גאנץ גרויסען חלק.

## נאציאנאלע ארבייטער קאמיטע, אלגעמיינער אידישער קאנגרעס און דער אידישער ארבייטער קאנגרעס

די פראגען וועגען דער נאציאנאלער ארבייטער קאמיטע און ביידע קאנגרעסען, איבערהויפט דער אלגעמיינער אידישער קאנגרעס, וועלכע האבען ביי אייניגע פון אונזערע מיטינגען פארנומען זעהר פיעל צייט און ארויסגערופען גאנץ ווארימע דיסקוסיאנען און מיינונגס־פארשיעדענהייטען, האבען זיכער פארדיענט א מעהר אויספיהרליכען באריכט. ליידער איז דער פלאץ צו באשרענקט און מיר וועלען זיך מוזען באגנוגענען מיט איבערגעבען בלויז טרוקענע פאקטען.

אויף אונזער איניציאטיווע צוזאמען מיט אנדערע קערפערשאפטען פון דער אידישער ארבייטער־באוועגונג איז צוזאמענגערופען געווארען דער קאנפערענץ פון 17טען נאוועמבער, ביי וועלכען א גרויסע מאיאריטעט דעלעגאטען זיינען געוועזען פארטרעטער פון ארב. רינג ברענטשעס.

ביי דיעזען קאנפערענץ איז באשלאסען געווארען צוריק אויפצולעבען די נאציאנאלע ארבייטער קאמיטע, מיט וועלכער מיר זיינען פארבונדען ביז היינט צו טאג. לויט א באשלוס פון זעלבען קאנפערענץ, האבען מיר, צוזאמען מיט אלע קערפערשאפטען וואס שטעלען צוזאמען די נאציאנאלע ארב. קאמיטע, זיך באטייליגט אין דעם אלגעמיינעם אידישען קאנגרעס אין פילאדעלפיא.

מיר זיינען אויך געוועזען פון די איניציאטארס וואס האבען צוזאמענגערופען דעם אידישען ארבייטער קאנגרעס אין ניו־יארק. אויך ביי דיעזען קאנגרעס האט זיך די פארטרעטערשאפט פון ארב. רינג זעהר שטארק ארויסגעזעהן. כמעט די גרעסטע צאהל דעלעגאטען האבען רעפרעזענטירט ברענטשעס פון ארבייטער רינג.

## פראטעסט געגען פאגראמען

ווען עס זיינען ערהאלטען געווארען די נאכריכטען פון אייראפא וועגען די שרעקליכע פאגראמען אויף אידען אין פוילען און אין גאליציען, איז אויף אונזער איניציאטיווע, צוזאמען מיט די פאראייניגטע איד. געווערקשאפטען, אי. סאצ. פעדעראציאן, אמאלגאמייטעד און אינט. ליידיס גארמענט וואירקערס און אנדערע, איינגערופען געווארען א פראטעסט־דעמאנסטראציע אין מעדיסאן סקווער גארדען. די אויסגאבען פאר דיזען מיטינג האבען אלע ארגאניזאציאנען גלייך בייגעשטייערט.

## צושריפטען, אפיעלס און רעזאלוציאנען

ביי אונזער בעסטען ווילען איז פאר אונז אבסאלוט אונמעגליך איבערצוגעבען אין איינצעלהייטען וועגען אלע געזעלשאפטליכע פראגען, וועלכע אונז איז אויסגעקומען צו פארהאנדלען אין פארלויף פון דיעזען יאהר. מיר גלויבען, אז וועגען די מעהר וויכטיגערע פראגען האבען מיר אייך מעהר אדער ווייניגער אינפארמירט. וואס מיר ווילען נאך דא צוגעבען איז פאלגענדעס: מיר האבען געטאן אלעס וואס עס איז מעגליך געווען מיטצוהעלפען אין דער באוועגונג צו באפרייען דעם מארטירער טאם מוני פון דער קאפיטאליסטישער פארשווערונג. מיר האבען אויך אינדארסירט דעם באשלוס פון דער קאנווענשאן, איינבארופען פון אמעריקאנער ארבייטער־ארגאניזאציאנען, ארויסצורופען א דזשענעראל סטרייק פאר דער באפרייאונג פון מוני, און מיר האבען דורך א צושריפט צו די ברענטשעס אויפגעפאדערט אונזערע מעמבערס, אז זיי זאלען אגיטירען און שטימען אין זייערע רעספעקטיווע יוניאנס פאר א דזשענעראל סטרייק.

מיר זיינען אויך פארטראטען דורך אונזער נאציאנאלען דירעקטאר פון אילינאיז סטייט אין דער צייטווייליגער קאמיטע צו ארראנזשירען די קאנווענשאן וואס ווערט איינבארופען פון דער סאצ. פארטיי צו פאדערען אן אמנעסטיע פאר אלע פאליטישע ארעסטירטע.

אויף דעם פארלאנג פון לאקאל פילאדעלפיא סאציאליסטישע פארטיי צו רופען א דזשענעראל סטרייק אין דעם טאג וואס אונזער באליעבטער גענאסע יודזשין וו. דעבס וועט אריינגעווארפען ווערען אין פריזאן, האבען מיר באשלאסען, אז אויב אזא באוועגונג וועט אין דער אידישער גאס געשאפען ווערען, זאלען מיר אויפפאדערען אונזערע מעמבערס צו באטייליגען זיך אין דזשענעראל סטרייק.

מיר האבען אויך דורך א טעלעגראמע צו דער „קאמיטע און אימיגריישאן“ אין אמעריקאנער קאנגרעס געלאזט הערען אונזער שטימע, אז מיר פראטעסטירען געגען אירגענד וועלכע אימיגראציאנס־באשרענקונגען.

פאלגענדע טעלעגראמען זיינען געשיקט געווארען צו די באארד אף אלדערמען און צום סיטי מעיאר פון ניו־יארק: 1) אנצונעהמען דעם ביל וואס איז אריינגעבראכט פון די סאציאליסטישע אלדערמען, צו באזארגען די קינדער אין די פאבליק סקוהלס מיט פרייע לאנטש; 2) צו פראטעסטירען געגען דעם געזעץ וואס פארווערט די רויטע פלאג אויף עפענטליכע ארויסטרעטונגען; 3) צו פראטעסטירען געגען דער באשרענקונג פון סאציאליסטישע פארזאמלונגען; 4) א פראטעסט געגען דעם בריעף פון ניו־יארקער סיטי מעיאר צו די באארד אף אלדערמען, וועלכער פאדערט די באשרענקונג פון פרייע רעדע און פארזאמלונגען פון פרעמדע שפראכען און ניט בירגער. מיר האבען אויך געשיקט א פראטעסט־רעזאלוציאן אין וואשינגטאן, פרא־

טעסטירענדיג, געגען דער ארויסשיקונג פון ארבייטער־פיהרער.

זוי איהר זעהט, פריינדע, האבען מיר א גרויסען טייל, און פיליכט דעם גרעסטען טייל, פון אונזער אקטיוויטעט געווידמעט פאר אלע פאסירונגען און ערשיינונגען, וועלכע האבען גע־טראגען א באוועגונגס אדער אן אלגעמיין געזעלשאפטליכען כא־ראקטער. מיר האבען אימער געהאט אין זינען, אז מיר פאר־טרעטען נים בלויז א פראטוירנאל ארדער, נאר א אידיש־סא־ציאליסטישען ארבייטער ארדער, און אלס אזעלכען האבען מיר טריי און איבערגעבען דעם גאנצען יאהר געדיענט.

שלום

פריינדע, שליסענדיג דיזען ראפארט, ווילען מיר נאך אמאל ווידערהאלען, אז אבוואהל מיר האבען דיזען יאהר דורכ־געלעבט זעהר שווערע און ביטערע צייטען, וואו ניט אלעס וואס מען האט געוואלט טאן האט מען געקענט, און ניט אלעס וואס מען האט געפיהלט צו זאגען האט מען געמעגט, דאך קומען מיר צום קאנווענשאן מיט דעם פולען באוואוסטזיין, אז די טרא־דיציעס און פרינציפען פון ארב. רינג זיינען פון אונז שטרענג אפגעהיט געווארען, און פונקט ווי די שווערע שרעקליכע צייט האט ניט געקענט ווירקען אויף דער גייסטיגער זייט פון אונזער ארגאניזאציאן, אזוי האט זי אויך ניט געקענט באריהרען זיין מאטעריעלען צושטאנד.

דאנקענדיג אייך פאר די עהרע און דעם צוטרויען וואס איהר האט אונז געשאנקען, באגריסען מיר אייך צו דער 19טער יעהרליכער קאנווענשאן מיט א שהענעם, געזונטען און רייכען ארבייטער רינג.

**נאציאנאלע עקזעקוטיוו קאמיטע ארבייטער רינג.**

# רעפארט פון דער ארגאניזאציאנס קאמיטע

א. דינערשטיין, טשערמאן, מ. גערשאנאוו, וויים טשערמאן, אב. עפשטיין, א. סילווערמאן, ס. וואלאס.

צו די דעלעגאטען פון דער 19טער קאנווענשאן, און צו אלע מיטגליעדער פון ארבייטער רינג.

ווען מיר זיינען דיזען יאהר אריין אין אמט, האבען מיר צו אלעם ערשט באטראכט די פראגע וואס פאר א מיטלען עס קענען אנגענומען ווערען, אז אונזער מעמבערשיפ זאל אין פאר־לויף פון דער אונארמאלער צייט ניט נור ניט פארקלענערט ווע־רען, נור טאקע פארגרעסערט ווערען. מיר האבען געהאט פאר זיך דעם פארלאנג וואס איז ארויסגעדריקט געווארען פון דער לעצטער קאנווענשאן, אז די נאציאנאלע ארגאניזאציאנס קאמי־טע זאל אנפיהרען א קאמפיין פאר נייע מיטגליעדער. אונזער רוף צו די מעמבערס און ברענטשעס איז געווען: „70 טויזענד מיטגליעדער ביז'ן קאנווענשאן!"

מיר האבען אנגעווענדעט אלע אונזערע קרעפטען, די מיט־גליעדער פון אונזער קאמיטע האבען ניט געזשאלעוועט קיין צייט און מיהע צו העלפען אנהאלטען די געווינסען אין אונזער ארגאניזאציאן פאר די לעצטע יאהרען, און אויך צו פאר־שטארקען דעם ארבייטער רינג, און מאכען איהם נאך גרעסער, נאך מעכטיגער און נאך איינפלוסרייכער.

מיר גלויבען, אז די גוטע ארדנונג און די פריינדליכע בא־ציהונגען וואס הערשען יעצט, איז פיעל צו פארדאנקען די ערנס־טע, איבערגעבענע ארגאניזאציאנס ארבייט וואס איז דיזען יאהר אנגעפיהרט געווארען.

### דער קאמפיין פאר זיעבציג טויזענד מעמבערס.

א געוויסע צייט נאכדעם ווי אונזער קאמיטע איז אינסטא־לירט געווארען, האבען מיר באשטימט דורכפיהרען אין לעבען דעם באשלוס פון דעם לעצטען קאנווענשאן. מיר האבען אנגע־פאנגען א נייע מעמבערשיפ קאמפיין.

די נאציאנאלע ארגאניזאציאנס קאמיטע האט זיך גלייך געשטעלט אין פארבינדונג מיט די ברענטשעס און סיטי און דיסטריקט קאמיטעס, און אוועקגעשטעלט די גאנצע מאשינערי פון ארבייטער רינג פון שאפען דיזע צאהל מיטגליעדער.

מיר האבען געוואוסט און געפיהלט, אז די צייט איז זעהר נים קיין גינסטיגע. די צייט איז א שווערע, אן אויסערגעוועהנ־ליכע; מיר האבען געוואוסט און געפיהלט אז ס'איז זעהר א שווערע אויפגאבע דיזען פלאן צו פארווירקליכען. אום אונזער מיטגלידערשאפט זאל דיזען יאהר נים פארקלענערט ווערען, האבען מיר געמוזט זעהן, אז יעדער שרייפעלע פון אונזער אר־גאניזאציאנס אפאראט זאל טאן זיין חלק ארבייט. אונז איז געלונגען אין דיזער וויכטיגער טהעטיגקייט צו פאראינטערע־סירען די סיטי און דיסטריקט קאמיטעס, די ברענטשעס, ווי אויך די ברייטע מיטגלידערשאפט. מיר האבען פאר דיזען צוועק זיך אויך באנוצט מיט דער פרעסע אויף אזוי פיעל, וויפיעל עס איז געווען מעגליך אונטער די אומשטענדען.

אונזער מעמבערשיפ קאמפיין האט זיך אנגעפאנגען אין מאנאט אקטאבער. די מאנאטען אקטאבער און נאוועמבער האבען נעדארפט פארוואנדעלט ווערען אין א ספעציעלען קאמפיין פאר פרויען מעמבערס — צו זעהן, אז אונזערע מיטגליעדער וועלכע זיינען פארהייראטה, זאלען אריינברענגען זייערע פרויען אין ארבייטער רינג. אויך זעהן צוציהען פון די פארשיעדענע פרויען ארגאניזאציאנען, ווי די ליידיס ווייסט מייקערס, דרעס־מייקערס, אזוי פיעל פרויען מעמבערס וויפיעל עס איז נור מעגליך.

אין די מאנאטען דעצעמבער און יאנואר איז אנגעפיהרט געווארען אן אלגעמיינער קאמפיין. אין פארלויף פון דיזע 4 מא־נאטען, איז אויך אנגעפיהרט געווארען א קאמפיין אריינצונעה־מען צוריק די געשטראכענע מעמבערס. צום אומגליק, אבער, האט גראדע אין משך פון דער צייט אויסגעבראכען די אינפלו־ענציע, וועלכע האט געבושעוועט איבער'ן גאנצען לאנד.

אין פיעלע שטעדט, וואו עס זיינען געמאכט געווארען אראנ־דזשעמענטס פאר מאס־מיטינגען אין פארבינדונג מיט דעם מעמ־בערשיפ קאמפיין, האט צוליעב דער אינפלוענציע גאר ניט גע־קענט געטאן ווערען, און דאס האט אין געוויסע מאסען פארא־ליזירט די גאנצע ארגאניזאציאנס טהעטיגקייט.

מיר האבען דארום באשלאסען פארטצוזעצען דעם מעמבער־שיפ קאמפיין ביז'ן קאנווענשאן.

ענדע יאנואר, ווען די אינפלוענציע־מגפה איז געווען איינ־געשטילט, האבען אלע ברענטשעס, ווי אויך סיטי און דיסטריקט קאמיטעס, מיט נאך מעהר ענערגי ווי פריהער, זיך גענומען צו דער ארבייט. פאר אונז איז דאן אין א קורצע צייט ארום געווא־רען קלאר, אז דער קאמפיין פאר 70 טויזענד מעמבערס וועט זיכער זיין אן ערפאלג.

ס'איז פיליכט כדאי צו דערמאנען, אז מיר האבען אין פאר־לויף פון קאמפיין באשלאסען צו פרעזענטירען יעדען מעמבער וואס וועט אריינברענגען 5 נייע מיטגליעדער, מיט א סעט ביכער, ארויסגעגעבען פון דער עדוקיישאנאל קאמיטע. מיר האבען אויך באשטימט צו פרעזענטירען יעדען ברענטש וואס וועט אריינגעה־מען אין צייט פון קאמפיין 25 נייע מיטגליעדער, מיט א שאפירא־גראף. אין דעם מאמענט, ווען דיזער רעפארט ווערט געשריבען, קענען מיר ניט זאגען גענוי וויפיעל פרעזענטען עס וועלען צו־טהיילט ווערען, ווייל דער מעמבערשיפ קאמפיין ווערט נאך פאק־טיש אנגעפיהרט.

פרייליכע ידיעות קומען אן פון פארשידענע ברענטשעס און דיסטריקט קאמיטעס איבער'ן לאנד אין פארבינדונג מיט זייער טהעטיגקייט אין אריינגעהמען נייע מעמבערס.

ווען דער רעפארט ווערט געשריבען, ווייסען מיר נאך ניט די רעזולטאטען פון דעם מעמבערשיפ קאמפיין . איין זאך איז אבער זיכער, אז מיר וועלען קומען צו דער קאנווענשאן מיט א מיטגליערערשאפט פון איבער 70 טויזענד.

אין דעם מעמבערשיפ קאמפיין האבען זיך באזונדערס אויס־געצייכענט די דיסטריקט קאמיטעס פון שיקאגא, פילאדעלפיא, באפאלא, קליוולאנד, ניו הייווען, הארטפארד, און אויך פיעלע איינצעלנע ברענטשעס פון אנדערע שטעדט.

אין דער צייט פון אונזער מעמבערשיפ קאמפיין האבען מיר

אויסגעאַרבייט „קוואָטאָס" פאַר יעדער סיטי און דיסטריקט קאָמיטע, וויפיעל נייע מעמבערס עס וועט אויסקומען אויף יעדענס חלק אריינצונעהמען.

פיטסבורג, ווי עס זעהט אויס, וועט דיזען יאָהר שאַפען זייער קוואָטאָ.

דעטראָיט, די שטאָדט, וואו די קאָנווענשאָן וועט דיזען יאָהר אָבגעהאַלטען ווערען, טוט זעהר גוטע אַרבייט. זיי פאַרפליכטען זיך צו פאַרגרעסערען זייער מעמבערשיפּ אין אַ היבשע מאָס.

די ניו יאָרק סיטי קאָמיטע האָט באַזוכט די אָרטיגע ברענטשעס, און זיי אויפגעמונטערט פאַר וויכטיגע טעטיגקייט. און די ניויאָרקער ברענטשעס האָבען זיך ווירקליך אויסגעצייכענט אין דעם היי־יאָהריגען מעמבערשיפּ קאַמפּיין.

אין פיעלע שטעדט דורך די דיסטריקט קאָמיטעס אַראַנזשירט געוואָרען מאַס־מיטינגען אין פאַרבינדונג מיט דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין. די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט צו פיעלע פון אַזעלכע מאַס־מיטינגען געשיקט זייערע רעדנער און פאַרטרעטער.

## ברענטשעס און שטעט באַזוכט.

די ערפאַרונג פון די לעצטע יאָהרען האָט געצייגט אַ נויטווענדיגקייט צו באַזוכען פון צייט צו צייט די ברענטשעס איבער'ן לאַנד. ווען אַ נייע פערזאָן קומט אין אַ ברענטש אָדער אין אַ שטאָט, טראָגט ער אריין אַ נייעם לעבען, און באַוועגט די טוער צו ווייטערדיגע טהעטיגקייט. דאָס באַזוכען פון ברענטשעס און שטעט האָט אַלע מאָל אַ גוטע ווירקונג, און ברענגט כמעט שטענדיג די געווינשטע רעזולטאַטען.

פאָלגענדע שטעט זיינען באַזוכט געוואָרען:

מילוואָקי, שיקאַגאָ, דיטראָיט, קליוולאַנד, באָפאַלאָ, ראָטשעסטער, סיראַקיוז, אָלבאַני, טאָלידאָ, ניו הייווען, האַרטפאָרד, פּראָווידענס, פילאַדעלפיא, ניו בראָנזוויק, פּוטנאַם, איסטאָן, ברידזשפּאָרט, וואַשינגטאָן, נאָרפאָלק, נואַרק, און אַנדערע. מערסטע פון דיזע שטעט זיינען באַזוכט געוואָרען אויף דעם פאַרלאַנג פון די דאָרטיגע ברענטשעס אָדער סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס.

דער הויפּט צוועק פון באַזוכען די שטעט, איז געווען אויפצולעבען די טהעטיגקייט פון דעם קאַמפּיין פאַר נייע מעמבערס, און אויך פון דעם אַרבייטער רינג קאַמפּיין צו שאַפען 25 טויזענד דאָלאַר פאַר'ן רעליעף. אין פיעלע פון די שטעט איז נאָך אויך אויסגעקומען צו שליכטען סכסוכים אין די ברענטשעס, און די רעזולטאַטען זיינען איבעראַל געווען גוטע.

די ברענטשעס אין נויאָרק זיינען באַזוכט געוואָרען פון דער ניו יאָרקער סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, און אויך פון מעמבערס פון דער עקזעקוטיווע.

מיר ווילען ביי דער געלעגנהייט אויך אויסדריקען אונזער דאַנק צום „פאָרווערטס" וואָס האָט אונז געגעבען פּלאַץ פון צייט צו צייט פאַר נייעס און אַרטיקלען וועגען דער אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט פון אַרבייטער רינג. און אויך פאַר אַנדערע פראַגען וואָס זיינען מיט דערמיט געווען פאַרבונדען.

## אונזערע דיסטריקט קאָמיטעס.

די אַרבייט פון אונזערע סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס אין דיזען יאָהר, אונטער אוננאָרמאַלע אומשטענדען, איז געווען זעהר אַ שווערע. זיי זיינען אָבער געטריי און איבערגעגעבען געשטאַנען אויף זייערע פּאָסטען און ניט געזשאַלעוועט קיין צייט און מיה צו ערפילען די פליכטען וואָס זיינען אויף זיי ארויפגעלעגט געוואָרען. זיי האָבען באַזוכט די ברענטשעס פון זייער דיסטריקט, אום צו זעהן אַז וואָס וועניגער מיטגליעדער זאָלען געשטראָכען ווערען. זיי האָבען באַוועגט די ברענטשעס אין דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין, און געהאָלפען, אַז זיי זאָלען זיך אָפּרופען אויף יעדע וויכטיגע געזעלשאַפטליכע ערשיינונג, וואָס דער טאָג טעגליכער לעבען האָט ארויסגערופען. עס האָט מאַנכעס מאָל געטראָפען, אַז אין די רייהען פון די סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס אַליין, זיינען פאָרגעקומען מיספאַרשטענדניסע — אַ זאַך וואָס פּאַסירט אין יעדער לעבעדיגער אָרגאַניזאַציאָן, — אָבער מיר, פון אונזער זייט האָבען אָנגענומען אַלע מיטלען צו זעהן אַז אַזעלכעס זאָל אויסגעמיעדען ווערען.

די אַרבייט פון סיטי און דיסטריקט קען נור דאַן זיין ערפאָלגרייך ווען זיי אַרבייטען האַנט אין האַנט מיט די דאָרטיגע ברענטשעס. עס איז געווען אונזער אויפגאַבע, ניט בלויז זעהן אַז די סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס זאָלען קריגען די נויטיגע אָנערקענונג צווישען די ברענטשעס מיט וועלכע זיי שטעהען אין פאַרבינדונג, נור אויך איינצופלאַנצען די אמת פריינדליכע באַציהונגען וואָס איז נויטיג אום די אַרבייט זאָל קענען געמיינשאַפטליך אָנגעפיהרט ווערען אויף אַ היימישען אופן.

לויט אונזער קאָנסטיטוציע, האָט די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע אַ רעכט צוזאַמענצושטעלען דיסטריקט קאָמיטעס ווי זי געפינט פאַר נויטיג. מיר האָבען דאַרום באַשלאָסען, אַז אין אַ שטאָט, וואו עס זיינען פאַראַן 10 אָדער מעהר ברענטשעס, זאָל די סיטי אָדער דיסטריקט קאָמיטע ערוועהלט ווערען פון אַ קאָנפערענץ, און די באַטרעפענדע קאָמיטע זאָל טאָן די אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט פאַר דעם קומענדען יאָהר, אויסער פאַרשטעהט זיך, אויב עס זיינען פאַראַן קלאַגען.

די פאָרם פון צוזאַמענשטעלען די קאָמיטעס איז געווען אַ צופרידענשטעלענדע, מיט דער אויסנאַהמע פון פילאַדעלפיא. דאָרט האָבען איינינגע ברענטשעס אויסגעדריקט אַ פאַרלאַנג, אַז זייער דיסטריקט קאָמיטע זאָל צוזאַמענגעשטעלט ווערען פון אַ דעלעגאַט פון יעדען ברענטש. פון דער ערפאַהרונג פון די פאַרגאַנגענע יאָהרען, האָבען מיר אָבער געוואוסט, אַז אַ קאָמיטע, צוזאַמענגעשטעלט פון פאַרטרעטער פון אַלע ברענטשעס פון פילאַדעלפיא, קען ניט טאָן קיין קאָנסטרוקטיווע אַרבייט, ערשטענס איז די קאָמיטע צו גרויס אין צאָהל, און דאָס אַליין פאַרטהיילט שוין די קאָמיטע צו זיין אַרבייטסאונפעהיג; צווייטענס: אויב די דיסטריקט קאָמיטע נעהמט אָן וועלכען ניט איז באַשלוס וואָס געפעלט ניט אירגענד וועלכען ברענטש, באַשליסט דער ברענטש זיין דעלעגאַט צוריקצוציהען. דריטענס: פלעגען די ברענטשעס אַלע מאָל צוריקציהען זייערע דעלעגאַטען און שיקען אַנדערע אויף זייער פּלאַץ, און אויף אַזאַ אופן איז אויסגעקומען אַז די דיסטריקט קאָמיטע איז כמעט אַלע מאָל באַשטאַנען פון אַ נייעם עלעמענט. די אַרבייט פון אַזאַ דיסטריקט קאָמיטע פלעגט געשטערט ווערען. מיר זיינען דאַרום געבליבען ביי אונזער באַשלוס. דער רעזולטאַט איז געווען דאָס איינינגע ברענטשעס פון פילאַדעלפיא האָבען זיך ענטזאַגט צו אָנערקענען די אָרטיגע דיסטריקט קאָמיטע. מיר גלויבען, אַז אַזעלכעס דאַרף ניט און טאָר ניט פּאַסירען אין אַרבייטער רינג. ברענטשעס דאַרפען און מוזען אָנערקענען די קאָמיטעס, וועלכע ווערען ערוועהלט פאַר דעם צוועק צו אַרבייטען פאַר דעם וואָהלזיין פון אונזער אָרגאַניזאַציאָן.

מיר ווילען ביי דיזער געלעגנהייט אויסדריקען אונזער בעסטען דאַנק צו אַלע סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס, וועלכע האָבען אונז פיעל געהאָלפען אין יעדער אַרבייט.

אונזערע אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטעס האָבען זיך ניט בלויז פאַרנומען מיט אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט וואָס טראָגט אַ ריין אַרבייטער רינג כאַראַקטער, נור זיי האָבען אויך געטאָן אַלגעמיינע געזעלשאַפטליכע טהעטיגקייט. דיזען יאָהר האָבען די דיסטריקט קאָמיטעס אויף דעם געביעט זעהר פיעל געטאָן. מיר קענען מיט שטאָלץ זאָגען, אַז די סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס פון אַרבייטער רינג, זיינען אין פיעלע שטעט און שטעטלאַך די איניציאַטאָרען און טאָן־געבער אין יעדער וויכטיגער געזעלשאַפטליכער אונטערנעהמונג.

## פאַראייניגונג און אויפלעזונג פון ברענטשעס.

ס'איז אונז דיזען יאָהר אויסגעקומען אויפצולעזען מאַנכע ברענטשעס. דאָס האָבען מיר געטאָן נאָכדעם ווי מיר האָבען אָנגעווענדעט אַלע מיטלען אויפצולעבען און אויפצומונטערען דעם ברענטש, און מיר האָבען זיך איבערצייגט, אַז דאָס ברענגט ניט קיינע רעזולטאַטען. מאַנכע ברענטשעס האָבען זיך אויפגעלעזט צוליעב דעם וואָס זייערע טוערס זיינען געדרעפטעט געוואָרען. מיר האָבען אין אַזעלכע פעלע די מיטגליעדער פון די ברענטשעס טראַנספערירט צו אַנדערע עקזיסטירענדע ברענטשעס. קיין פאַרלוסטען פון מעמבערס האָבען מיר דורך דער אויפלעזונג פון ברענטשעס ניט געהאַט.

עס איז אונז אויסגעקומען צו פאַראייניגען איינינגע ברענטשעס וואָס האָבען געהאַט וועניג קרעפטען און וועניג אָרגאַניזאַציאָנס ערפאַהרונג, מיט אַנדערע ברענטשעס וועלכע האָבען אַזעלכע קרעפטען פאַרמאָגט. מיר פלעגען דאָס טאָן אויף דעם

## צאהל אויפגעלעזטע ברענטשעס, אויך ברענטשעס וואס האבען זיך פאראייניגט מיט אנדערע ברענטשעס אין יאהר 1918

| כיטי און סטייט | [illegible] | [illegible] | צאהל מעמבערס: [illegible] | צאהל מעמבערס: [illegible] | צאהל מעמבערס: [illegible] | צאהל מעמבערס: [illegible] | [illegible] |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| ניו יארק, נ. י. — — — — | 171 | 72 | 46 | 43 | — | 3 | 501 |
| ניו יארק, נ. י. — — — — | 255 | 72 | 20 | 18 | — | 2 | 95 |
| ניו יארק, נ. י. — — — — | 377 | 71 | 44 | 40 | — | 4 | 4 |
| ניו יארק, נ. י. — — — — | 294 | 71 | 21 | 14 | 7 | — | —— |
| ניו יארק, נ. י. — — — — | 296 | 71 | 82 | 81 | — | 1 | 189 |
| ניו יארק, נ. י. — — — — | 335 | 71 | [illegible] | 17 | 3 | 6 | —— |
| ניו יארק, נ. י. — — — — | 5[illegible]8 | 72 | 37 | 26 | 10 | 1 | 277 |
| ניו יארק, נ. י. — — — — | 607 | 70 | 11 | 11 | — | — | 417 |
| אסוועגא, נ. י. — — — | 581 | 73 | 11 | — | 7 | 4 | —— |
| ווילקעס באר, פא. — — — | 141 | 70 | 52 | 48 | — | 4 | 113 |
| אירי, פא. — — — — | 421 | 70 | 34 | 34 | — | — | 390 |
| פילאדעלפיא, פא. — — — — | 550 | 71 | 9 | 8 | — | 1 | —— |
| שיקאגא, איל. — — — — | 360 | 70 | 29 | 16 | 3 | 10 | —— |
| מאנטרעאל, קענ. — — — — | 61 | 73 | 25 | 25 | — | — | 572 |
| סאסקאטון, קענ. — — — — | 574 | 73 | 17 | — | 12 | 5 | —— |
| איסט ליווערפול, אהייא — — | 229 | .73 | 15 | — | — | 15 | —— |
| קליוולענד, אהייא — — — — | 375 | 72 | 18 | 17 | 1 | 1 | 463 |
| וואשינגטאן, ד. ק. — — — — | 334 | 73 | 118 | 114 | — | 4 | 92 |
| דעטראיט, מיש. — — — — | 461 | 71 | 45 | 44 | — | 1 | 360 |
| דעטראיט, מיש. — — — — | 480 | 71 | 40 | 39 | — | 1 | 360 |
| דעטראיט, מיש. — — — — | 596 | 71 | 27 | 23 | — | 4 | 111 |
| קענאשא, וויס. — — — — | 454 | 73 | 16 | 16 | — | — | 432 |
| מילוואקי, וויס. — — — — | 549 | 71 | 44 | 43 | — | 1 | 484 |
| וואלינגפארד, קאנג. — — — | 472 | 73 | 9 | 9 | — | — | 59 |
| טאריגטאן, קאנג. — — — — | 563 | 72 | 7 | — | 15 | 2 | —— |
| סאן פראנציסקא, קאל. — — | 511 | 70 | 22 | 19 | — | 3 | 114 |
| טאָטאל — — | —— | — | 825 | 705 | 58 | 73 | |

## דער צוואוואקס אדער פארלוסט פון מעמבערס אין ברענטשעס אין 1918 אין יעדען פון די דיסטריקט קאמיטעען

| כיטי און סטייט | מעמבערשיפ: אנפאנג יאהר | מעמבערשיפ: ענדע יאהר | מעמבערשיפ: [illegible] | מעמבערשיפ: [illegible] | ברענטשעס: אנפאנג יאהר | ברענטשעס: ענדע יאהר | ברענטשעס: [illegible] | ברענטשעס: [illegible] | [illegible] |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| אלבאני, נ. י. — — — — | 534 | 522 | —— | 12 | 6 | 6 | — | — | —— |
| באפאלא, נ. י. — — — — | 363 | 400 | 37 | — | 6 | 6 | — | — | 19.37 |
| וועסטשעסטער, נ. י. — — — | 413 | 453 | 40 | — | 7 | 5 | 1 | — | 77.92 |
| ניו יארק, נ. י. — — — — | 26937 | 28747 | 1810 | — | 239 | 228 | — | 11 | 635.94 |
| סיראקיוז, נ. י. — — — — | 268 | 471 | 203 | — | 4 | 5 | 1 | — | —— |
| ראטשעסטער, נ. י. — — — | 782 | 585 | —— | 197 | 5 | 3 | — | 2 | 29.75 |
| האדסאן, נ. דזש. — — — — | 1003 | 1181 | 178 | — | 10 | 10 | — | — | 71.76 |
| נוארק, נ. דזש. — — — — | 2670 | 2836 | 166 | — | 26 | 26 | — | — | 111.86 |
| פעטערסאן, נ. דזש. — — — | 1580 | 1644 | 64 | — | 11 | 11 | — | — | 27.00 |
| פראווידענס, ר. א. — — — | 417 | 492 | 75 | — | 5 | 5 | — | — | 74.52 |
| פילאדעלפיא, פא. — — — | 5012 | 5383 | 371 | — | 45 | 45 | — | — | 455.20 |
| פיטסבורג, פא. — — — — | 973 | 1040 | 67 | — | 8 | 9 | 1 | — | —— |
| ברידזשפארט, קאנג. — — — | 505 | 629 | 124 | — | 5 | 5 | — | — | 24.00 |
| הארטפארד, קאנג. — — — — | 1240 | 1176 | —— | 64 | 12 | 9 | — | 3 | 115.28 |
| וואטערבורי, קאנג. — — — — | 230 | 231 | 1 | — | 3 | 3 | — | — | 6.00 |
| ניו הייווען, קאנג. — — — — | 850 | 857 | 7 | — | 10 | 7 | — | 3 | 64.29 |
| נארוויטש, קאנג. — — — — | —— | 175 | 175 | — | — | 4 | 4 | — | —— |
| דעטראיט, מיש. — — — — | 1526 | 1531 | 5 | — | 14 | 13 | — | 1 | 154.93 |
| מילוואקי, וויס. — — — — | 574 | 717 | 143 | — | 8 | 7 | — | 1 | 73.50 |
| מינעאפאלים, מינ. — — — — | 492 | 543 | 51 | — | 10 | 10 | — | — | 1[illegible]6.55 |
| מעין דיסטריקט — — — — | 306 | 214 | —— | 92 | 6 | 4 | — | 2 | 77.78 |
| סט. לואיס, מיז. — — — — | 261 | 275 | 14 | — | 4 | 4 | — | — | 26.05 |
| באלטימאר, מד. — — — — | 1543 | 1508 | —— | 35 | 14 | 14 | — | — | 129.20 |
| נארפאלק,ווא., ס. ס. ק. — — | 435 | 426 | —— | 9 | 7 | 6 | — | 1 | —— |
| שיקאגא, איל. — — — — | 3709 | 4134 | 425 | — | 46 | 46 | — | — | 223.15 |
| קליוולאנד, א. — — — — | 842 | 837 | —— | 5 | 11 | 8 | — | 3 | 64.50 |
| קענזעס סיטי, מיז. — — — | 318 | 361 | 43 | — | 4 | 4 | — | — | 12.25 |
| וויניפעג, קענ. — — — — | 283 | 241 | —— | 42 | 3 | 3 | — | — | —— |
| טאראנטא, קענ. — — — — | 569 | 673 | 104 | — | 9 | 8 | — | 1 | 72.30 |
| מאנטרעאל, קענ. — — — — | 180 | 212 | [illegible] | — | 3 | 3 | — | — | 61.00 |

פארלאנג פון די ברענטשעס אליין, נאכדעם ווי די באטרעפענדע דיסטריקט קאמיטעס פלעגען דיזע ברענטשעס באזוכען, און אזא פאראייניגונג רעקאמענדירען. מיר האבען דאן געפונען פאסענדע ברענטשעס פאר זיי, מיט וועלכע זיי זאלען זיך פאראייניגען, אום דער שידוך זאל זיין א פאסענדער.

אין וואשינגטאן האבען מיר געהאט 2 ברענטשעס, א טייל מעמבערס פון ברענטש 92, וועלכע זיינען געווען נאציאנאליסטיש געשטימט, האבען געוואלט זיך אבטיילען און גרינדען א נייעם ברענטש. צוליעב דעם וואהל און בעסטען פון ברענטש, האבען מיר זייער פארלאנג באוויליגט, זיי האבען זיך נאכהער ארומגעזעהען, אז דאס איז ניט פראקטיש. ניט נור האבען מיר צוטיילט דעם ברענטש, נאר אויך דער צווייטער ברענטש פון וואשינגטאן האט זיך פאראייניגט מיט ברענטש 92, כדי זיי זאלען קענען געמיינשאפטליך טאן גוטע ארבייט.

## טראנספערירטע און געשטראכענע מעמבערס.

עס איז אונז אויך אויסגעקומען צו האנדלען אין בעצוג טראנספערירען מעמבערס אין פעלע ווען ברענטשעס האבען זיך ענטזאגט צו געבען טראנספערס צו די באטרעפענדע. מיר האבען אין יעדען פאל די זאך אונטערזוכט, אנגעפרעגט ביים ברענטש, און אויב דער ברענטש האט ניט געגעבען קיין גענוגענדע אורזאכען ווארום זיי באוויליגען ניט קיין טראנספער פאר דעם באטרעפענדען מעמבער, און אויב מיר האבען איינגעזעהען אז דער פארלאנג פון דעם מעמבער איז א בערעכטיגטער, איז זיין פארלאנג גוטגעהייסען געווארען.

אין מאנכע פעלע זיינען מיר געצוואונגען געווען צו מאכען איניגע מיטגליעדער אלס מעמבערס עט לארדזש. מיר האבען אבער דאס געטהאן נאר דאן ווען מיר האבען קיין אנדער אויסוועג ניט געהאט. די באשליסע וועגען טראנספערירען איינעם אלס מעמבער עט לארדזש זיינען כמעט אין אלע פעלע געפאסט געווארען אויף דער רעקאמענדיישאן פון דער דיסטריקט קאמיטע נאך דעם ווי די לעצטע האט די אנגעלעגענהייט גענוי אונטערזוכט און פארהאנדעלט און איינגעזעהען אז דאס איז דער בעסטע מיטעל אונטער די אומשטענדען צו שליכטען דעם סכסוך, וואס איז פארגעקומען צווישען דיזען מעמבער און דעם ברענטש.

מיר האבען אויך פארהאנדעלט איניגע קייסעס וועגען מעמבערס, וואס זיינע אונגעזעצליך געשטראכען געווארען און האבען זיך צו אונז וועגען דעם געווענדעט. אין אזעלכע פעלע האבען מיר געזעהן, אז די באטרעפענדע זאלען פריהער רעאינסטייטעט ווערען און דאן אפעלירען געגען דער האנדלונג פון ברענטש צו דער נאציאנאלער גריוועגס קאמיטע.

מיר האבען ארויסגעשיקט איניגע צושריפטען צו די ברענטשעס און דיסטריקט קאמיטעס וועגען דעם אז עס זאלען אנגענומען ווערען מיטלען אפצושאפען די „שטרייך מגפה", וועלכע איז אייגענטליך א „כראנישע קראנקהייט" אין אלע פארטוירנאל ארגאניזאציאנען. מיר האבען זיך ניט באנוגענד בלויז מיט צושריפטען צו די ברענטשעס און דיסטריקט קאמיטעס וועגען דעם, נאר עס איז אויך איניגע מאל געשריבען געווארען וועגען דעם אין „פארווערטס" און אין „פריינד".

וואס ס'איז ווירקליך ווערט צו דערמאנען, איז דאס דיזען יאהר איז די שטרייך ליסט געווען קלענער ווי אין די פארגאנגענע יאהרען.

## נייע ברענטשעס אינסטאלירט.

מיר האבען דיזען יאהר אינסטאלירט איניגע נייע ברענטשעס (זעה די טאבעלע).

## טהעטיגקייט צווישען די טרייד יוניאנס.

צווישען די פיעלע אויפגאבען אונזערע, האבען מיר אויך געפונען פאר נויטיג אנפיהרען אן אקטיווען קאמפיין צווישען דער טרייד יוניאן באוועגונג וועגען אנשליסען זיך אן ארבייטער רינג. מיר האבען צו זיי גערעדט דורך דער פרעסע און אנגעצייגט אז דער איינציגער פלאץ וואו אידישע טרייד יוניאניסטען דארפען באלאנגען פאר געגענזייטיגע הילפע איז דער ארבייטער רינג; מיר האבען אנגעצייגט, אז דער ארבייטער רינג האלט מעהר אלס זיין אויפגאבע צו זעהן אז זיינע מיטגלידער זאלען באלאנגען צו די יוניאנס, און זאלען העלפען מיט וואס זיי קענען געווינען יעדען קאמף אין דער ארבייטער באוועגונג. אונזערע פארטרעטער האבען באזוכט איניגע יוניאנס. אויף דעם געביעט איז אונזער ארבייט דיזען יאהר געווען ערפאלגרייך. מיר האבען געגרינדעט א ברענטש פון דיימאנד ארבייטער, א ברענטש פון אמאלגעמייטעד קלאטהינג ווארקערס אין ניו יארק; א ברענטש פון פיינטערס און פייפערהענגערס אין קליוולאנד.

אלס ביישפיעל פון ערפאלגרייכע ארבייט פון א טרייד יוניאן ברענטש, מעג דיענען ברענטש 600, וועלכער באשטעהט פון מילינערי ארבייטער, זיי האבען דיזען יאהר אריינגענומען ארום 100 נייע מיטגליעדער, וואס איז ווירקליך א הערליכער רעקארד פאר אן איינצעלנעם ברענטש. דער ערפאלג פון ברענטש 600, פארשטארקט אונזער געדאנק דאס עס איז וויגשענסווערטה און נויטווענדיג צו פארשפרייטען וואס מעהר פראפאגאנדא וועגען ארבייטער רינג, צווישען די טרייד יוניאנס. מיר גלויבען אז דיזע ארבייט דארף און מוז געטאן ווערען אויך ווייטער, די מעמבערס פון פארשידענע יוניאנס זאלען באגרייפען די וויכטיגקייט פון צו זיין א טייל פון ארבייטער רינג.

## סכסוכים אין ברענטשעס.

אין פארלויף פון דיזען יאהר, איז אונז אויסגעקומען צו שליכטען פיעלע סיכסוכים אין ברענטשעס. צום ביישפיעל:

אין א געוויסען ברענטש אין ניו דזשוירזי סטייט האט א מאיאריטעט ערקלערט אז מען מוז פון זיי ארויסנעהמען 4 מעמבערס, וועלכע פאראורזאכען צוויסטיגקייטען און רייבערייען. נאכדעם ווי מיר האבען באזוכט דעם ברענטש איניגע מאל, זיינען מיר געקומען צום שלום, אז עס וועט זיין בעסער אז די עטליכע מעמבערס זאלען זיך פאר א געוויסע צייט צוריקציהען פון טהעטיגקייט. די זעלבע עטליכע מעמבערס, וועלכע האבען געהאט געגען זיך די מאיאריטעט פון ברענטש, האבען אין יענער שטאט געגרינדעט א צווייטען ברענטש, וועלכער וועט זיכער טאן גוטע ארבייט.

אין א ברענטש אין פענסילווייניע סטייט איז פארגעקומען דער פאלגענדער פאל: 36 מיטגלידער האבען פארלאנגט טראנספערס צוליעב דעם וואס דער ברענטש האלט אב זייגע מיטינגען אין א געוויסען געגענד, וועלכער איז ווייט פון שטאט. די דארטיגע דיסטריקט קאמיטע האט די זאך אונטערזוכט, און איז געקומען צום שלום, אז עס וועט זיין פיעל ראטהזאמער פאר דעם ברענטש, אז דיזע מעמבערס זאלען זיך טראנספערירען. זיי האבען רעקאמענדירט אז די עטליכע און דרייסיג מעמבערס זאלען דאן טראנספערירט ווערען ווען זיי וועלען גרינדען א נייעם ברענטש פון נייע מיטגלידער. דער רעזולטאט איז געווען, אז זיי האבען ווירקליך געגרינדעט א ברענטש פון 38 נייע מעמבערס און מיר האבען זיי אין יענעם ברענטש טראנספערירט.

אין פעטערסאן, נ. דזש. זיינען פאר די לעצטע עטליכע יאהרען אויסגעוואקסען קארפאריישאן שעפער, געגרינדעט פון ארבייטער רינג מעמבערס. אין דיזע שעפער ארבייטען די, באסעס אויף 3 וועב שטולען, אין דער צייט ווען אין אלע אנדערע שעפער ארבייט מען בלויז אויף 2 שטולען, ווי דאס איז די פאדערונג פון אלע דארטיגע יוניאנס. צוליעב דעם זיינען פארגעקומען רייסערייען צווישען די ארבייטער רינג מעמבערס וועלכע זיינען ארבייטער, און די יעניגע וועלכע זיינען באסעס פון די קארפאריישאן שעפער.

מיר זיינען געווען אין פעטערסאן, און אויסגעהערט די טענות פון די מעמבערס, ביי א מיטינג וואו עס זיינען אויך אנוועזענד געווען פארטרעטער פון די יוניאנס. עס צייגט זיך ארויס, אז די יוניאנס פון די אמעריקאן פעדערייש‍אן אוו לייבאר, און די א. וו. וו. (איי דאבעליו דאבעליו) האבען א פונקט אין זייער קאנסטיטושאן, אז קיינער קען ניט ארבייטען מעהר ווי אויף 2 וועב שטולען. דער ארטיגער אידישער ברענטש ס. פ. האט א באשלוס, אז ווער עס ארבייט מעהר ווי אויף 2 וועב שטולען, זאל אויסגעשלאסען ווערען פון ברענטש. די מיטגלידער פון ארבייטער רינג, וועלכע זיינען ארבייטער זעהר ערביטערט געגען די קארפאריישאן באסעס, ווייל צוליעב דיזער סיסטעם פון דער ארבייט, ווערט אוועקגענומען א דריטעל באשעפטיגונג פון די ארבייטער. מאנכע פעטערסאן ברענטשעס האבען א באשלוס, אז יעדער ארבייטער רינג מעמבער וועלכער איז א קאופאריישאן באס זאל באשטראפט ווערען דאס ערשטע מאל מיט 25 דאלאר, אויב ער ארבייט ווידער אויף 3 וועב שטולען, דאס צווייטע מאל

# אָרגאַניזיישאָן פאָנד

איננאַהמען און אויסגאַבען פאַר דעם יאָהר 1918 אין פערגלייך מיט 1916 און 1917

| | 1916 | 1917 | 1918 |
|---|---|---|---|
| באַלאַנס פון פאָריגען יאָהר | $873.46 | ——— | ——— |
| דעפיציט פון לעצטען יאָהר | ——— | 296.07 | 618.72 |
| **איננאַהמען :** | | | |
| דיוס פון מעמבערס | 4,283.88 | 4,664.25 | 6,480.09 |
| סך הכל | $5,157.34 | $4,368.18 | $5,861.37 |
| פערלוסט פון געשטראָכענע מעמבערס | 76.01 | 105.73 | 63.54 |
| טאָטאל נעט איננאַהמע | $5,081.33 | $4,262.45 | $5,797.83 |
| **אויסגאַבען :** | | | |
| ניו יאָרק סטייט | $1,188.70 | $1,047.57 | $867.12 |
| ניו דזשורזי סטייט | 134.95 | 278.09 | 210.62 |
| פענסילווייניא סטייט | 439.81 | 419.26 | 518.75 |
| קאָנעקטיקוט סטייט | 322.02 | 257.76 | 212.78 |
| מערילענד סטייט | 93.11 | 73.86 | 142.20 |
| אילינאָיס סטייט | 232.43 | 181.90 | 238.45 |
| ראָוד איילאַנד סטייט | 39.39 | 47.69 | 74.52 |
| מישיגאַן סטייט | 199.92 | 95.04 | 142.58 |
| אָהייאָ סטייט | 24.10 | 17.00 | 64.50 |
| וויסקאָנסין סטייט | 51.10 | 98.60 | 78.50 |
| מיזורי סטייט | 103.23 | 41.50 | 88.30 |
| ווירדזשיניא סטייט | 142.30 | 28.20 | 1.35 |
| מינעסאָטא סטייט | 147.26 | 146.62 | 196.55 |
| דיסטריקט אָוו קאָלאָמביא | 26.15 | 42.46 | ——— |
| מיין סטייט | 89.54 | 76.55 | 77.78 |
| טעקסעס סטייט | 16.50 | ——— | 92.35 |
| קאַנאַדא אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט | 52.53 | 156.85 | 133.30 |
| קאַליפאָרניא סטייט | 12.00 | 42.00 | 66.52 |
| אַלגעמיינע אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט | 2,062.36 | ——— | ——— |
| סאָוועניר צו פאָרשלעגער פון נייע מעמבערס | ——— | 239.45 | 184.35 |
| קאָמיטעס | ——— | 695.43 | 681.25 |
| רעילראָוד פעירס | ——— | 466.97 | 545.61 |
| צייט־פערלוסט פון קאָמיטע מעמבערס | ——— | 308.00 | 256.00 |
| סטייש‎אָנערי און פרינטינג | ——— | 58.87 | 728.75 |
| טעלעפאָן און טעלעגראַף | ——— | 10.13 | 11.07 |
| אַדווערטייזינג | ——— | 9.80 | 86.00 |
| פּאָסטעדזש | ——— | 1.26 | ——— |
| עקספּרעסעדזש | ——— | 1.56 | ——— |
| פערשיעדענעס | ——— | 38.75 | 42.00 |
| רענט פאַר מיטינג רומס | ——— | ——— | 9.00 |
| קאַנדידאַטען עקזאַמינייש‎אָנס | ——— | ——— | 18.50 |
| קאָנצערטען | ——— | ——— | 170.10 |
| טאָטאל אויסגאַבען | $5,377.40 | $4,881.17 | $5,838.80 |
| באַלאַנס | ——— | ——— | ——— |
| גרענד טאָטאל | ——— | ——— | ——— |
| דעפיציט | $296.07 | $618.72 | $40.97 |

## דער צוּוואוּקס אָדער פאַרלוסט פון ברענטשעס און מעמבערס פון יעדען סטייט פאַר'ן יאָהר 1918

| סטייט | ברענטשעס: צאָהל אין אנפאַנג יאָהר | ברענטשעס: צאָהל אין ענדע יאָהר | ברענטשעס: צוּוואוּקס | ברענטשעס: פערלוסט | מעמבערשיפ: צאָהל אין אנפאַנג יאָהר | מעמבערשיפ: צאָהל אין ענדע יאָהר | צוּוואוּקס: צאָהל | צוּוואוּקס: % | פערלוסט: צאָהל | פערלוסט: % | נייע מעמבערס: צאָהל | נייע מעמבערס: % | געשטראָכענע מעמבערס: צאָהל | געשטראָכענע מעמבערס: % |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| אָהיואָ | 11 | 12 | — | 2 | 1256 | 1236 | — | — | 20 | 1.6 | 117 | 9.3 | 114 | 9.1 |
| אייאָווא | 2 | 2 | — | — | 110 | 114 | 4 | 3.7 | — | — | 16 | 14.5 | 11 | 10.0 |
| איללינאָיז | 45 | 47 | 2 | — | 3624 | 4081 | 457 | 12.6 | — | — | 896 | 24.7 | 277 | 10.4 |
| אינדיאַנא | 4 | 4 | — | — | 161 | 175 | 14 | 8.1 | — | — | 29 | 18.0 | 11 | 6.8 |
| אלאבאמא | 1 | 1 | — | — | 28 | 27 | — | — | 1 | 3.5 | 1 | 3.6 | 2 | 7.1 |
| ארעגאָן | 1 | 1 | — | — | 39 | 33 | — | — | 6 | 1.5 | — | 3.6 | 3 | 7.7 |
| דזשאָרדזשיא | 3 | 3 | — | — | 172 | 200 | 28 | 15.8 | — | — | 40 | 23.2 | 8 | 4.7 |
| דיסטריקט אָף קאָלאָמביא | 2 | 1 | — | 1 | 335 | 355 | 20 | 6.0 | — | — | 31 | 9.2 | 16 | 4.7 |
| דעלעווער | 1 | 1 | — | — | 200 | 195 | — | — | 5 | 2.5 | 14 | 7.0 | 14 | 7.0 |
| וואַשינגטאָן | 1 | 1 | — | — | 100 | 111 | 11 | 11.0 | — | — | 20 | 20.0 | 11 | 11.0 |
| ווירדזשיניא | 7 | 7 | — | — | 435 | 452 | 17 | 3.9 | — | — | 46 | 10.5 | 29 | 6.7 |
| וועסט ווירדזשיניא | 1 | 1 | — | — | 21 | 22 | 1 | 4.8 | — | — | 5 | 23.8 | 2 | 9.5 |
| וויסקאָנסין | 9 | 7 | — | 2 | 616 | 632 | 16 | 2.5 | — | — | 72 | 11.7 | 20 | 8.1 |
| טענעסי | 2 | 2 | — | — | 181 | 197 | 16 | 8.8 | — | — | 30 | 16.6 | 11 | 6.1 |
| טעקסעס | 6 | 6 | — | — | 226 | 226 | — | — | — | — | 30 | 13.3 | 39 | 17.2 |
| יוטאה | 1 | 1 | — | — | 33 | 35 | 2 | 6.0 | — | — | 5 | 15.1 | 2 | 6.1 |
| לואיזיאנא | 1 | 2 | 1 | — | 46 | 77 | 31 | 67.4 | — | — | 38 | 82.6 | 6 | 13.1 |
| מיזורי | 8 | 8 | — | — | 532 | 608 | 76 | 12.4 | — | — | 117 | 22.0 | 47 | 8.8 |
| מינעסאָטא | 7 | 7 | — | — | 382 | 427 | 45 | 11.8 | — | — | 106 | 27.7 | 43 | 11.2 |
| מישיגען | 12 | 10 | — | 2 | 1276 | 1258 | — | — | 18 | 1.5 | 182 | 13.3 | 188 | 14.7 |
| מעין | 6 | 7 | 1 | — | 291 | 301 | 10 | 3.4 | — | — | 50 | 17.2 | 23 | 7.8 |
| מערילאנד | 14 | 14 | — | — | 1543 | 1508 | — | — | 35 | 2.3 | 68 | 4.4 | 93 | 6.6 |
| ניו דזשוירזי | 52 | 52 | — | — | 5542 | 5953 | 411 | 7.6 | — | — | 667 | 12.0 | 215 | 3.8 |
| ניו העמפשייר | 1 | 1 | — | — | 54 | 54 | — | — | — | — | 7 | 12.8 | 3 | 5.5 |
| ניו יאָרק | 275 | 273 | — | 2 | 29642 | 31873 | 2231 | 7.5 | — | — | 3851 | 12.9 | 1314 | 4.4 |
| נאָרד דאַקאָטא | 1 | 1 | — | — | 31 | 31 | — | — | — | — | 1 | 3.3 | — | -- |
| נעבראסקא | 3 | 3 | — | — | 191 | 211 | 20 | 10.5 | — | — | 27 | 14.1 | 6 | 3.1 |
| פלארידא | 1 | 1 | — | — | 48 | 48 | — | — | — | — | 4 | 8.5 | 1 | 2.1 |
| פענסילווייניא | 58 | 57 | — | 1 | 6016 | 6405 | 389 | 6.4 | — | — | 922 | 15.3 | 470 | 7.8 |
| קאַליפאָרניא | 6 | 6 | — | — | 522 | 601 | 79 | 15.1 | — | — | 64 | 12.2 | 51 | 9.8 |
| קענעדע | 19 | 17 | — | 2 | 1129 | 1212 | 93 | 8.2 | — | — | 246 | 21.8 | 127 | 11.2 |
| קאנעטיקוט | 30 | 29 | — | 1 | 2825 | 2993 | 168 | 5.9 | — | — | 357 | 19.7 | 151 | 5.3 |
| קאלאראדא | 1 | 1 | — | — | 73 | 100 | 27 | 37.0 | — | — | 20 | 27.4 | 6 | 8.2 |
| קענטאקי | 2 | 2 | — | — | 63 | 57 | — | — | 6 | 9.5 | 1 | 1.6 | 3 | 4.8 |
| מעמבערס עט לאַרדזש | 5 | 5 | — | — | 417 | 492 | 75 | 18.0 | — | — | 126 | 30.2 | 36 | 8.6 |
| ראוד איילאנד | — | — | — | — | 1340 | 1355 | 15 | 1.1 | — | — | — | — | — | — |

מיט 50 דאָלאַר, דאָס דריטע מאָל מיט 9 דאָלאַר. די פראַגע וועגען ארבייטען אויף 3 וועב שטול סיסטעם איז פאַר פעטערסאָן א פּראָבלעם פאַר די לעצטע עטליכע יאָהר. נור יעצט איז די פראַגע מעהר פארשארפט געוואָרען, און די מעמבערס ארבייטער זיינען שרעקליך אויפגערעגט אויף די קאָרפּאָריישאָן באָסעס. די ארבייטער רינג מיטגלידער זיינען מיט דער מיינונג, אז די סיסטעם פון 3 וועב שטולען איז פּשוט שעדליך פאַר די ארבייטס באַדינגונגען פון אַלע איבעריגע שעפּער.

א קאָמיטע פון ביידע צדדים איז אויך ארויסגערופען געוואָרען צום מיטינג פון דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע. די פארטרעטער פון די קאָרפּאָריישאָן באָסעס האָבען גע'טענה'ט אז אין פעטערסאָן זיינען פאַראַן פילע שעפּער וואו ארבייטער ארבייטען נאָך אויף 3 און 4 וועב שטולען; אז די אָרטיגע יוניאָנס האָבען נאָך דערווייל ניט אנגענומען קיין שטרענגע מיטלען ווי אָבצושאפען די 3 וועב שטול סיסטעם אין אַלע שעפּער. זייער טענה איז געווען, אז קיין יוניאָן און קיין ארבייטער אָרגאַניזאַציאָן קאָן ניט מאַכען קיין רולס פאַר באָסעס אליין ווי זיי זאָלען ארבייטען. אז די רולס פון די יוניאָנס זיינען גילטיג בלויז פאַר די ארבייטער אָבער ניט פאַר די באָסעס אליין. זיי האָ-בען אָנגעדייטעט, אז די מעהרסטע קאָרפּאָריישאָן באָסעס זיינ געווען די טהעטיגסטע מעמבערס אין די יוניאָנס און אין דער ס ציאַליסטישער פארטיי, און צוליעב זייער אקטיווער טהעטיגקי אין דער ארבייטער באוועגונג, זיינען זיי אימער פון די באָס גע'רודף'ט געוואָרען, און זיינען דארום געווען געצוואונגען עפענען קאָרפּאָריישאָן שעפּער.

די פארטרעטער פון די קאָרפּאָריישאָן באָסעס האָבען או איבערגעגעבען, אז אין די יעניגע קאָרפּאָריישאָן שעפּער וואו ווערען באַשעפטיגט ארבייטער, ארבייטען די ארבייטער בל אויף 2 וועב שטולען.

דער באַשלוס פון דער עקזעקוטיוו, איז געווען אויפצופ דערען אַלע ארבייטער רינג מעמבערס אין פעטערסאָן, וועל ארבייטען ביים וועבער טרייד, אָהן אונטערשיעד צו זיי ארב טען פאַר זיך אָדער פאַר יענעם — נאָכצוקומען אַלע באשל און רעגולייישאָנס פון דער פעטערסאָנער וועבער יוניאָנס. דא זיינען בלויז איינינע פון די סכסוכים, וועלכע זיינען אונז אוי געקומען אין משך פון דיזען יאָהר צו שליכטען.

עס איז אָפּטמאָל פונקט אַזוי וויכטיג, אויב ניט נאָך ווי טיגער, אָנצוהאַלטען די פריינדליכע באַציהונג אין די ברענטשע

# איינצעלהייטען וועגען די געשטראָכענע מעמבערס

| זייערע בעשעפטיגונג | | מעמבערס צאָהל |
|---|---|---|
| בעשעפטיגונג | | |
| אפערייטארס | | 467 |
| ביזנעסלייטע | | 566 |
| בעקערס | | 90 |
| הויז ארבייטער: | | |
| קלאַס 3 | 225 | |
| אנדערע קלאַסען | 24 | 249 |
| וועבערס | | 24 |
| לייבאָרערס | | 170 |
| לעדער אַרבייטער | | 35 |
| מאַשיניסטען | | 131 |
| מוליאַרעס | | 35 |
| מעטאל אַרבייטער | | 170 |
| פּאַריערס | | 46 |
| פּיינטערס און פּייפּער העננגערס | | 249 |
| פּרינטערס | | 41 |
| פּרעסערס | | 121 |
| ציגאַרען מאַכער | | 80 |
| קאַטערס | | 99 |
| קאַרפּענטערס | | 298 |
| קלוירקס | | 265 |
| שוסטערס | | 80 |
| שניידערס | | 657 |
| אנדערע בעשעפטיגונגען | | 194 |
| טאָטאל | | 4067 |

| ווי לאַנג זיי זיינען געווען מעמבערס אין אַר. רינג. — צייט | צאָהל | פּראָצענטאַזש פון טאָטאל % |
|---|---|---|
| ווענינגער פון 6 מאָנאַטען | 366 | 9.0 |
| צווישען 6 מאָנאַט און 1 יאָהר | 484 | 11.9 |
| צווישען 1 יאָהר און 2 יאָהר | 1196 | 29.4 |
| צווישען 2 יאָהר און 3 יאָהר | 534 | 13.1 |
| צווישען 3 יאָהר און 4 יאָהר | 316 | 7.8 |
| צווישען 4 יאָהר און 5 יאָהר | 252 | 6.2 |
| צווישען 5 יאָהר און 6 יאָהר | 200 | 4.9 |
| צווישען 6 יאָהר און 7 יאָהר | 146 | 3.6 |
| צווישען 7 יאָהר און 8 יאָהר | 116 | 2.9 |
| צווישען 8 יאָהר און 9 יאָהר | 157 | 3.9 |
| צווישען 9 יאָהר און 10 יאָהר | 141 | 3.5 |
| צווישען 10 יאָהר און 11 יאָהר | 66 | 1.6 |
| צווישען 11 יאָהר און 12 יאָהר | 41 | 1.0 |
| צווישען 12 יאָהר און 13 יאָהר | 13 | .3 |
| צווישען 13 יאָהר און 14 יאָהר | 12 | .3 |
| צווישען 14 יאָהר און 15 יאָהר | 10 | .2 |
| צווישען 15 יאָהר און 16 יאָהר | 5 | .1 |
| צווישען 16 יאָהר און 17 יאָהר | 5 | .1 |
| צווישען 17 יאָהר און 18 יאָהר | 5 | .1 |
| צווישען 18 יאָהר און 19 יאָהר | 2 | .1 |
| טאָטאל | 4067 | 100.0 |

| | |
|---|---|
| זערהייראַטע | 3123 |
| אונפערהייראַטע | 944 |
| טאָטאל | 4067 |

די געשטראָכענע מעמבערס וואָס האָבען בעלאָנגט צום אַרבייטער רינג נישט מעהר ווי 4 קוואַרטאַלען

| ווען זיי זיינען געשטראָכען געוואָרען | ווענינגער פון 6 מאָנאַטען — צאָהל | ווענינגער פון 6 מאָנאַטען — פּראָצענטאַזש פון טאָטאל % | ווענינגער פון איין יאָהר — צאָהל | ווענינגער פון איין יאָהר — פּראָצענטאַזש פון טאָטאל % |
|---|---|---|---|---|
| אין 70טען קוואַרטאַל | — | — | 57 | 1.4 |
| אין 71טען קוואַרטאַל | 116 | 2.9 | 112 | 2.9 |
| אין 72טען קוואַרטאַל | 170 | 4.2 | 159 | 3.9 |
| אין 73טען קוואַרטאַל | 74 | 1.9 | 149 | 3.7 |
| טאָטאל | 360 | 9.0 | 477 | 11.9 |

ווי צו גרינדען נייע ברענטשעס. די ארבייט צו זעהן אז די האר־מאָנישע באַציהונגען זאָל אָנגעהאַלטען ווערען, האָבען מיר אור־מעטום מיט ערנסטקייט דורכגעפיהרט.

## אונזער אָרגאַניזאַציאָנס פאָנד.

לויט דעם רעפערענדום פון לעצטען יאָהר, איז באַשלאָסען געוואָרען, אז דער אָרגאַניזאַציאָנס פאָנד זאָל באַשטעהן 3 סענט פער מעמבער פער קוואָרטאַל, דאָס ברענגט אריין ארום 6 טויזענד דאָלאַר א יאָהר.

עס איז זעלבסטפערשטענדליך אז דיזע סומע איז איינפאַך די אונבעדייטענדסטע וואָס מ'קען זיך נאָר פאָרשטעלען פאַר די אָרגאַניזאַציאָנס טהעטיגקייט פון אונזער ארבייטער רינג. פאַראַן אָרגאַניזאַציאָנען, וועלכע האָבען צעהן מאָל וועניגער מעמבערס ווי מיר האָבען און זיי גיבען אויס פאַר אָרגאַניזאַציאָנס ארבייט מיט פיעלע טויזענדער מעהר ווי מיר. און ווען מען נעהמט אין אנבעטראַכט, אז מיר האָבען היינט צו טאָג נאָהענט פון 32 סיטי און דיסטריקט קאָמיטעטען, און יעדע סיטי און דיסטריקט קאָ־מיטע האָט געוויסע עקספּענסעס אָנצופיהרען די אָרגאַניזאַציאָנס טהעטיגקייט אין די לאָקאַלע פעלעצער, וועט מען באַגריפען וואָס פאַר א אונבאַדייטענדע סומע עס בלייבט איבער פאַר דער נאַ־ציאָנאַלער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע אָנצופיהרען די אָרגאַניזאַ־ציאָנס טהעטיגקייט דירעקט דורך איהר.

יעדעס מאָל ווען דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע קומט אויס צו פאַרהאַנדלען די פראַגע וועגען אראַנזשירען טורס צו באַזוכען ברענטשעס אין די פאַרשידענע שטעט, מוז זי זיך גאַנץ גוט אריינטראַכטען איבער דער פאָנד, וואָס זי האָט, וועט זיין גענוגענד אויף דיזע אַלע עקספּענסעס. אזא סיסטעמע און אַזעלכע מיטלען אָנצופיהרען א ברייטע אָרגאַניזאַציאָנס טהעטיגקייט זיינען גע־וויס ניט צוגעפּאַסט צו די גרויסע פאַרלאַנגען און פאָדערונגען פון אונזער ברייטער מעמבערשיפּ. זעלבסטפאַרשטענדליך, אז ניט היינט, מאָרגען, וועט דיזער פאָנד מוזען פאַרגרעסערט ווערען ניט מיט א טויזענד און ניט מיט קיין צוויי טויזענד דאָלאַר, נאָר מיט פיעלע טויזענדער מעהרער.

דאָס וועט אייך געבען א באַגריף אויף וויפיעל אונזער קאָ־מיטע האָט זיך אָנגעשטרענגט אום ניט אריבערצוטרעטען דעם בודזשעט, וועלכער איז פאַר איהר געשטעלט געוואָרען. און ביי בעסערע אומשטענדען וואָלטען מיר זיכער געקומען צו אייך מיט א פאַרלאַנג אויף צו פאַרדאָבלען אונזער אָרגאַניזאַציאָנס פאָנד. נעהמענדיג אָבער אין אנבעטראַכט די יעצטיגע לאַגע, ווילען מיר מיט אזא פאַרלאַנג צו אייך ניט קומען.

אַלעס וואָס מיר פאַרלאַנגען פון אייך, איז דאָס איהר זאָלט דיזען יאָהר אַם וועניגסטענס באַשטימען דעמזעלבען פאָנד ווי לעצטען יאָהר.

## אָרגאַניזאַציאָנס און עדיוקיישאָנאַל ארבייט.

די אָרגאַניזאַציאָנס און עדוקיישאָנאַל ארבייט איז אזוי ענג פאַרבונדען צווישען זיך אז עס איז מאַנכעס מאָל שווער אָבצו־טיילען וואו עס ענדיגט זיך די אָרגאַניזאַציאָנס און וואו עס פאַנגט זיך אָן די עדוקיישאָנאַל ארבייט. אונזערע סיטי און דיס־טריקט קאָמיטעס ווי אויך איינצעלנע ברענטשעס אראַנזשירען צום ביישפּיעל לעקטשורס אָדער קאָנצערטען און פאַרוויילונגען און נוצען דיזע אויס פאַר אָרגאַניזאַציאָנס צוועקען אָדער פאַר אַלגעמיינע פּראָפּאַגאַנדא פאַר דעם ארב. רינג. אין אַזעלכע פע־לע איז שווער צו אורטיילען וואָס איז עדוקיישאָנאַל און וואָס איז אָרגאַניזאַציאָנס ארבייט.

לויט דעם באַשלוס פון דער לעצטער קאָנווענשאָן, האָט די עדוקיישאָנאַל קאָמיטע געדאַרפט גרינדען סאַב עדוקיישאָנאַל קאָמיטעס איבער'ן לאַנד. זיי האָבען פון אונז פאַרלאַנגט, אז ווען עס וועלען ערוועהלט ווערען סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס, וועלען מיר אויך זעהן ערוועהלען באַזונדערע עדוקיישאָנאַל קאָמי־טעס. מיר זיינען געווען מיט דער מיינונג, אז די סיטי און דיס־טריקט קאָמיטעס דאַרפען אויך טאָן די עדוקיישאָנאַל ארבייט. מיר האָבען די פראַגע איבערגעגעבען צו יעדער קאָנפערענץ אַליין צו באַשטימען, אויב זיי ווילען האָבען א באַזונדער אָרגאַניזאַ־ציאָן און א באַזונדערע עדוקיישאָנאַל קאָמיטע. אין מערסטע שטעט איז די עדוקיישאָנאַל ארבייט געטאָן געוואָרען געמיינ־שאַפטליך פון איין קאָמיטע. מיר זיינען דיזען יאָהר געקומען צו

## די איינטיילונג פון אונזערע מעמבערס נאָך זייער עלטער

| עלטער | נייע מעמבערס | געשטראָכענע און געשטאָרבענע דורכ'ן יאָהר | צאָהל מעמבערס ענדע יאָהר | דער בעטרעף פון דער אינשורענס |
|---|---|---|---|---|
| | מעמבערשיפּ | | | |
| 16 | 45 | 2 | 43 | 7,100 |
| 19 | 104 | 19 | 132 | 22,100 |
| 20 | 235 | 74 | 402 | 69,100 |
| 21 | 266 | 97 | 769 | 128,900 |
| 22 | 405 | 162 | 1183 | 207,200 |
| 23 | 495 | 195 | 1709 | 313,800 |
| 24 | 529 | 252 | 2123 | 407,900 |
| 25 | 588 | 302 | 2783 | 516,500 |
| 26 | 562 | 284 | 2742 | 563,800 |
| 27 | 465 | 288 | 2867 | 623,300 |
| 28 | 546 | 270 | 3268 | 713,400 |
| 29 | 485 | 297 | 3771 | 883,400 |
| 30 | 448 | 295 | 3850 | 970,600 |
| 31 | 264 | 215 | 3811 | 998,800 |
| 32 | 494 | 254 | 3894 | 1,080,400 |
| 33 | 493 | 251 | 3805 | 1,126,800 |
| 34 | 341 | 198 | 3484 | 1,024,600 |
| 35 | 364 | 187 | 3107 | 924,100 |
| 36 | 274 | 145 | 2989 | 894,000 |
| 37 | 217 | 114 | 2559 | 767,900 |
| 38 | 219 | 109 | 2614 | 790,800 |
| 39 | 136 | 100 | 2097 | 646,900 |
| 40 | 77 | 81 | 1792 | 569,500 |
| 41 | 15 | 62 | 1467 | 467,400 |
| 42 | 37 | 42 | 1287 | 411,900 |
| 43 | 27 | 38 | 1047 | 338,800 |
| 44 | 13 | 22 | 870 | 281,000 |
| 45 | 9 | 23 | 732 | 249,500 |
| 46 | — | 18 | 581 | 193,800 |
| 47 | — | 21 | 469 | 160,600 |
| 48 | — | 4 | 364 | 123,800 |
| 49 | — | 7 | 278 | 90,600 |
| 50 | — | 8 | 223 | 73,800 |
| 51 | — | 5 | 150 | 50,600 |
| 52 | — | 4 | 130 | 44,600 |
| 53 | — | 4 | 87 | 31,000 |
| 54 | — | 4 | 49 | 17,400 |
| 55 | — | 2 | 40 | 14,400 |
| 56 | — | — | 11 | 4,200 |
| 57 | — | 2 | 17 | 8,00 |
| 58 | — | — | 2 | 600 |
| 59 | — | 3 | 3 | 1000 |
| 62 | — | — | 3 | 200 |
| 63 | — | 1 | 3 | 600 |
| 65 | — | — | 1 | 200 |
| 66 | — | — | 1 | 200 |
| טאָטאַל — | 8213 | 4521 | 43638 | 168,872,900 |

די דורכשניטליכע עלטער פון דער מעמבערשיפּ — — — — 32.67 יאָהר

די דורכשניטליכע עלטער פון די נייע מעמבערס — — 28.8 יאָהר

די דורכשניטליכע עלטער פון די געשטראָכענע און געשטאָרבענע מעמבערס — — — — — — — 30.50 יאָהר

## צאָהל בּרענטשעס וואָס זיינען אינסטאַלירט געוואָרען אין 1918 לויט שטעדט און סטייטס

| סיטי און סטייט | [illegible] | [illegible] | צאָהל מעמבערס [illegible] | [illegible] |
|---|---|---|---|---|
| ניו יאָרק, נ. י. — — — — | 421 | 72 | 28 | 1 |
| ניו יאָרק, נ. י. — — — — | 461 | 73 | 25 | — |
| ניו יאָרק, נ. י. — — — — | 609 | 70 | 32 | — |
| ניו יאָרק, נ. י. — — — — | 613 | 72 | 28 | — |
| ניו יאָרק, נ. י. — — — — | 615 | 71 | 26 | — |
| קוני אײלענד, נ. י. — — — | 314 | 70 | 16 | 5 |
| יאָנקערס, נ. י. — — — — | 452 | 70 | 14 | — |
| פילאַדעלפיא, פּא. — — — — | 528 | 70 | 28 | 1 |
| פילאַדעלפיא, פּא. — — — — | 611 | 71 | 48 | 1 |
| דעטראָיט, מישיגאַן — — — | 360 | 71 | — | 83 |
| ניו אָרליענס, לא — — — — | 424 | 71 | 15 | 1 |
| לאָס אנדזשעלאָס, קאל. — — | 512 | 71 | 25 | 11 |
| בעטה, מעין — — — — | 546 | 70 | 21 | — |
| שיקאַגאָ, איլל. — — — — | 549 | 73 | 26 | 2 |
| שיקאַגאָ, אילל. — — — — | 596 | 72 | 30 | — |
| שיקאַגאָ, אילל. — — — — | 614 | 73 | 30 | 5 |
| פּוטנאַם, קאָנג. — — — — | 612 | 72 | 21 | 2 |
| טאָטאל — — — | | | 413 | 112 |

א פאַרשטענדניס מיט דער נאַציאָנאַלער עדוקיישאָנאַל קאָמיטע, אז וואו עס איז נור מעגליך, זאָל די אָרגאַניזאַציאָנס און עדוּ־קיישאָנאַלע ארבייט געטאָן ווערען געמיינשאַפטליך, און מיר האָבען טאַקע געהאַט א רייהע געמיינשאַפטליכע מאַס־מיטינגען, און קאָנצערטען אין ניו יאָרק אַזוי גוט ווי אויסער ניו יאָרק.

מיר האָפען, אז די קומענדע פאַרוואַלטונג וועט אויך זעהן צו ארבייטען האַנט אין האַנט מיט דער עדוקיישאָנאַל קאָמיטע, און פאַראייניגען, דאָרט וואו עס לאָזט זיך, די טהעטיגקייט פוןביידע קאָמיטעס.

### ש ל ו ם.

נעהמענדיג אין אַנבאַטראַכט די אוננאָרמאַלע אומשטענדען אונטער וועלכע אונז איז אויסגעקומען צו ארבייטען דיזען יאָהר, קענען מיר זיין העכסט צופרידען מיט די רעזולטאַטען מיט וועלכע מיר קומען צו דיזער קאָנווענשאָן. מיר גלויבען אַז מיר האָבען ערנסט און איבערגעבען ערפילט די אויפגאַבען וואָס זיינען אויף אונז ארויפגעלעגט געוואָרען. מיר האָבען געטאָן דאָס בעסטע אונטער די אויסערגעוועהנליכע אומשטענדען. מיר האָבען געטאָן דאָס בעסטע וואָס איז געוועזן מעגליך צו מאַכען דעם ארבייטער רינג שעהנער, גרעסער און איינפלוסרייכער.

מיר דריקען אויס ביי דיזער געלעגענהייט אונזער הערצליכסטען דאַנק צו די סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס און צו אַלע ארבייטער רינג מעמבערס וואָס האָבען אונז געהאָלפען צו מאַכען ערפאָלגרייך דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין, ניט אַכטענדיג אויף די אַלע שוועריגקייטען וואָס זיינען געשטאַנען אין וועג.

מיר באַגריסען די דעלעגאַטען צום 19טען יעהרליכען קאָנווענשאָן, מיר ווינשען אויך אַז ביי דער קאָנווענשאָן זאָל הערשען האַרמאָני און סאָלידאַריטעט, און אַלע באַשליסע זאָלען זיין צום וואָהל און בעסטען פאַר אונזער אַלעמענס באַליעבטען ארבייטער רינג.

מיר דאַנקען אַלע מיטגלידער פאַר דעם צוטרוי וואָס זיי האָבען אונז געשענקט, און לאָמיר האָפען אַז צו דער נעקסטער קאָנווענשאָן וועט זיין איין ארבייטער רינג אין אַמעריקאַ און קענעדאַ.

מיט פריינדליכען גרוס,

נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, ארב. רינג.

# באַריכט פון דער נאַציאָנאַלער גריוועַנס קאָמיטע

מ. וויינבלאַט, טשערמאַן,   ב. וואַלאָוויטץ, מ. מאַללאַט, דזשיי. וואולף, מ. פּערלשטיין.

צו די דעלעגאַטען פון דער 19טער יעהרליכער קאָנווענשאָן און צו אַלע מעמבערס פון ארבייטער רינג.

ווערטהע פריינדע: —

מיר גיבען אייך איבער דעם רעפּאָרט פון אונזער טעטיגקייט פאַר'ן לעצטען יאָהר, מיר גלויבען אַז די פונקציאָנען און פליכטען פון דער גריוועַנס־קאָמיטע, וואָס באַשטייט פון (1) אויפנעמען אַפּיעלס און קלאַגען, און (2) אויסטייטשען פונקטען פון דער קאָנסטיטוציאָן וואָס זיינען ניט קלאָר, האָבען מיר טריי, געוויסענהאַפט און פּינקטליך דורכגעפיהרט.

איידער מיר געהען איבער צו אונזער רעפּאָרט ווילען מיר אייך אויפמערקזאַם מאַכען אויף די צוויי וואַקאַנסען, וואָס מיר האָבען געהאַט אין אונזער קאָמיטע, געמליך, פריינד יורוויטש, וועלכער איז אויף דער ביטע פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע טראַנספערירט געוואָרען צו זיי, און אויך פריינד „זאַרעטצקי" וועלכער איז דורך זיין אַקטיוויטעט אין זיין יוניאָן געוועזען געצוואונגען צו רעזיגנירען פון אונזער קאָמיטע, אויף זייערע פּלעצער זיינען צוגעצויגען געוואָרען די פריינדע דזשיי. וואולף און מ. פּערלשטיין.

באַלד ווי מיר האָבען זיך אינסטאַלירט איז צו אונז איבערגעגעבען געוואָרען אַ אַנצאָהל קלאַגען וועלכע זיינען טהיילווייז ניט ערליידיגט געוואָרען פון דער פאָריגער קאָמיטע, ספּעציעל קלאַגען וועלכע האָבען זיך בעצויגען אויף די וואָהל פון דעלעגאַטען צו דער לעצטער קאָנווענשאָן אין פּיטסבורג.

פּיעלע פון דיזע קלאַגען האָבען געפיהרט צו ווייטערדיגע קאָנקערייען אין די בּרענטשעס, איבער וועלכע אונז איז אויסגעקומען צו האַנדלען, ווי מיר וועלען דאָס אייך ווייטער איבערגעבען אין דיזען רעפּאָרט.

אין אַלגעמיין האָט אונזער קאָמיטע דיזען יאָהר געהאַט וועניגער קלאַגען, ווי די פאָריגע קאָמיטע, טראָץ דעם, וואָס אונזער מיטגלידערשאַפט איז פאַרגרעסערט געוואָרען אויף פילע טויזענדער.

דער פאַקט איז, אַז אין די מאָנאַטען דזשון און דזשולייי זיינען מיר געווען אין אַזאַ לאַגע, אַז מיר האָבען געדענקט אַז די „גריוועַנס־קאָמיטע" איז אַן איבעריגע אינסטיטושאָן אין א. ר. מעגליך, אַז דער „דרעפט" האָט פאַראורזאַכט דעם שטילשטאַנד פון קלאַגען און אַפּיעלס? מעגליך, אַז אונזערע מיטגלידער זיינען שוין געקומען צו אַזאַ שטופע פון ענטוויקלונג, אַז זיי באַגרייפען אַז אין ארבייטער רינג איז דאָ פיעל וויכטיגערע טעטיגקייטען ווי אָנפיהרען קלאַגען און אַפּיעלס פאַר יעדער קלייניגקייט, זעהענדיג די גרויסע טעטיגקייט, וואָס ווערט אָנגעפיהרט אין די בּרענטשעס אויף יעדען געביעט פון ארבייטער רינג, ווי צום ביישפּיעל, אריינגעהמען נייע מיטגלידער, זאַמלען געלד פאַר די „מלחמה קרבנות," א. ז. וו. א. ז. וו., זיינען מיר באַרעכטיגט צו דיזען געדאַנק.

דערפאַר זיינען אָבער אין די שפּעטערדיגע מאָנאַטען אריינגעקומען פילע וויכטיגע קלאַגען, וועגען וועלכע מיר וועלען אייך ווייטער באַריכטען אין דיזען ראַפּאָרט.

### קלאַגען און אַפּיעלס

וואָס אַנבעלאַנגט קלאַגען און אַפּיעלס האָבען מיר דיזען יאָהר געהאַט 48 קייסעס. (דער רעקאָרד פון לעצטען יאָהר צייגט 74 קייסעס) 30 פון דיזע קלאַגען זיינען פון אַזאַ כאַראַקטער,

דאס מיר קענען זיך ניט אפשטעלען אויף יעדע קלאגע באזונדער, דאס זיינען קלאגען, וואס זיינען פאראורזאכט געווארען פון שטרייטיגקייטען, פון מיטגלידער געגען ברענטשעס, פון ברענטשעס געגען מיטגלידער, אדער פון ברענטשעס געגען ברענטשעס, וועלכע מיר האבען געשליפטעט צו דער צופרידענהייט פון אלע צדדים; קלאגען וואס האבען זיך באצויגען אויף בענעפיט פראגען, ענטשיידונגען פון דער „בענעפיט־קאמיטע“ פאר ניט אויסצאהלען געוויסע בענעפיטס און וועלכע זיינען צו אונז אפעלירט געווארען, אזעלכע האבען מיר געהאט בלויז (7), (וועגען די מעהר וויכטיגערע פון דיזע אפיעלס וועלען מיר זיך ווייטער אין דיזען רעפארט אפשטעלען), קלאגען, וואס האבען זיך באצויגען אויף מיטגלידער, וואס האבען פארבראכען געגען די קאנסטיטוציאן און פרינציפען פון א״ר. רינג, סיי אויפ׳ן פאליטישען געביעט און סיי אויפ׳ן עקאנאמישען געביעט, אזעלכע קלאגען האבען מיר געהאט (8), און קלאגען וועגען מיסברויכען געלדער פון ברענטשעס, קלאגען אויף סעקרעטערע און טרעזשורערס האבען מיר געהאט בלויז (3), אום ניט צו פארנעמען צופיעל פלאץ, וועלען מיר דא בלויז איבערגעבען איניגע וויכטיגע קלאגען פון יעדען סארט באזונדער.

## טראבעל קייסעס.

א געוויסער ברענטש האט זיך ענטזאגט אויסצאהלען זייער דאקטארס ביל, צוליעב דעם, וואס זייער סעקרעטער האט פארנומען געלד פון ברענטש, מיר האבען דעם אפיעל פון דאקטאר געגען ברענטש אויפגענומען און באשלאסען, אז דער בר. מוז דעם דאקטאר באצאהלען דעם ביל אין א פאר מאנאטען שפעטער, האבען מיר ערהאלטען אן אנפראגע פון דאקטאר, ווארום דער בר. באצאהלט איהם ניט, מיר האבען אינסטרואירט דעם אפיס צו אויסצאהלען דעם דאקטאר, און די סומע צושטעלען צום ברענטש׳ס ביל.

א צווייטע קייס איבער וועלכע אונז איז אויסגעקומען צו האנדלען, איז, ווי פאלגט: (דאס איז איינע פון די קייסעס וועלכע באציהט זיך אין פארבינדונג מיט דעם דעלעגאטען רעפערענדום פון לעצטען יאהר, ווי מיר האבען אויבען אנגעמערקט) א מעמבער וועלכער האט אנגעפרעגט ביי דער עדוקיישאנאל־קאמיטע, אויב מעמבערס קענען שטימען פאר דעלעגאטען צום קאנווענשאן, ניט זייענדיג ביין מיטינג? ער ערקלערט אז דער סעקרעטער פון בר. האט צוגעשטעלט א געוויסע צאהל שטימען פון מעמבערס, וועלכע זיינען ביין מיטינג ניט געוועזן, אויך ערקלערט ער, אז א מעמבער פון אן אנדער ברענטש וועלכער האט ניט געהאט קיין געלעגענהייט צום שטימען ביי זיין ברענטש, איז געקומען צום סעק. נאכ׳ן מיטינג, און האט איהם איבערגעגעבען זיין שטימע, וועלכע איז צוגעשטעלט געווארען אויפ׳ן באלאט, פאלגליך פרעגט ער אויב אזא באלאט איז געזעצליך. די עדוקיישאנאל קאמיטע, האט דיזע אנפראגע איבערגעגעבען צו דער פאריגער גריוועגס קאמיטע, איינזעהענדיג אז די צייט צום קאנווענשאן איז קורץ, האט די גריוועגס־קאמיטע געמאכט א אנפראגע ביים בר. וועגען דעם.

פאר דיזען פארברעכען איז דער באטרעפענדער מעמבער אנגעקלאגט געווארען פון ברענטש אין פאראאטה, א קאמיטע פון בר. האט איהם געפונען שולדיג, און ער איז באשטראפט געווארען מיט דעם, וואס ער זאל אויף א יאהר צייט ניט קענען האלטען אירגענד וועלכען אמט אין ברענטש.

מיר ציהען אייער אויפמערקזאמקייט אויף דיזען וויכטיגען פונקט, וויסענדיג, אז פיעלע מעמבערס ווערען באטראכט אלס פאררעטער צום ברענטש פאר דער איינציגער אורזאכע ווי פארקלאגען אדער אפעלירען געגען א ברענטש, און מיר דענקען, אז עס איז זעהר ניט רעכט פון א בר. צו באשטראפען א מעמבער פאר דעם, וואס ער באנוצט זיך מיט זיין קאנסטיטוציאנעלער רעכט. עס דארף פארשטאנען ווערען, אז די באציהונגען פון דער גריוועגס קאמ. צו די ברענטשעס און די מעמבערס זיינען ניט קיין ביוראקראטישע, נאר פריינדליכע, און די גריוועגס קאמ. איז פארפליכטעט צו אורטיילען אונפארטייאיש און געבען גערעכטיגקייט ווען עס קומט.

נאך א פאל, איבער וועלכען מיר האבען געהאנדעלט, איז ווי פאלגט: א ברענטש פארמאגט אן אייגענע „סעמעטערי“, פון ווייטן נאר אונז [illegible] מעמבערס באנוצען זיך מיט איהר

דער צווייטער טייל מעמבערס באלאנגען צום ניו־יארקער „סעמעטערי דעפארטמענט“, און אזוי ווי אין דער סעמעטערי פארערט זיך אויסבעסערונגען, ווי צום ביישפיעל שטעלען א גייט א. ז. וו., האט די טייל מעמבערס, וועלכע באנוצען זיך מיט דער סעמעטערי, פארלאנגט פון דעם ברענטש, אז ער זאל זיי איבערגעבען די סעמעטערי אלס זייער אייגענטום, אדער דער בר. זאל מאכען די נויטיגע אויסבעסערונגען, וואס פאדערען זיך. ביי א ספעציעלען מיטינג, גערופען צו דעם צוועק, איז באשלאסען געווארען איבערצוגעבען די סעמעטערי אלס אייגענטום צום טייל מעמבערס וואס באנוצען זיך מיט איהם. א מעמבער, וועלכער איז ניט געווען איינפערשטאנען מיט דעם באשלוס פון ברענטש, האט אפעלירט צו אונזער קאמיטע, און מיר האבען באשלאסען, אז דער ברענטש האט קיין רעכט נים געהאט איבערצוגעבען די סעמעטערי, וואס איז די אייגענטום פון גאנצען ברענטש, אלס אייגענטום צו בלויז א טייל פון די מעמבערס.

נאך א פאל האט פאסירט, וועלכער איז פון גרויס וויכטיגקייט. א געוויסער סעקרעטער, וועלכער איז געווען זעהר אקטיוו אין זיין ברענטש, האט זיך געטראפען מיט א געוועזענעם מעמבער פון בר., וואס איז שוין געווען אונגעפעהר 2 יאהר געשטראכען. ער האט אגיטירט ער זאל צוריק אריין אין א. ב. ווען יענער האט צוגעשטימט, האט ער איהם גלייך געפיהרט צום דאקטאר, און צום קומענדען מיטינג פון בר. האט דער סעק. פארגעלעזען דעם קאנדידאט׳ס נאמען פאר אויפנאהמע. א מעמבער האט אבדזשעקטעט דעם קאנדידאט אויף דעם גרונד וואס דער באטרעפענדער איז ניט פארגעשלאגען געווארען ווי די קאנסטיטושאן שרייבט פאר. דער טשערמאן האט די אבדזשעקשאן אנגענומען. א צווייטער מעמבער האט אפעלירט געגען דער ענטשיידונג פון טשערמאן. דער. בר. האט ענטשיעדען געגען דעם טשערמאן.

דער טשערמאן האט אפעלירט צו אונז און מיר האבען באשלאסען, אז מיר באטראכטען דיזען מיטינג אלס פארשלאגס־מיטינג פאר דיזען קאנדידאט, אויף וועלכען 5 מעמבערס וואלטען איהם געקענט צוריקווייזען פון ברענטש.

נאך א וויכטיגע קייס איז, ווי פאלגט: א ברענטש האט באשלאסען צו ארראנזשירען א באלל. צו דעם צוועק האבען זיך געטעקסט מיט 2 דאלאר (דער טעקס האט געדארפט איינגעצאהלט ווערען פער קווארטאל). נאך דעם ווי מעמבערס האבען איינגעצאהלט צו 50 סענט האט דער בר. באשלאסען דעם באלל צוריקצורופען, דערפאר וואס פיעלע מעמבערס זיינען געדרעפטעט געווארען און פיעלע האבען ערווארטעט געדרעפטעט צו ווערען. זיי האבען אויך באשלאסען אז די 50 סענטיגע זאלען בלייבען אין טרעזשורי פון ברענטש.

א מעמבער האט פארקלאגט דעם ברענטש אויף דעם גרונד וואס דער בר. האט קיין רעכט נישט געהאט צוצונעהמען די האלבע דאלארס, וועלכע זיינען באשטימט געווארען פאר איין צוועק און באנוצען דאס פאר אנדערע צוועקען. מיר האבען באשלאסען, אז צו זייער קומענדען ספעציעלען מיטינג זאלען זיי לאזען וויסען די מעמבערס, אז עס וועט פארהאנדעלט ווערען וועגען די איינגעצאהלטע 50 סענטיגע.

## אפיעלס וועגען בענעפיטס

א ברענטש האט אפעלירט צו אונז געגען דער בענ. קאמ. פאר ניט אויסצאהלען זייערע 2 מעמבערס צו איין וואך קראנקען בענעפיט. די אורזאכע איז ווי פאלגט: איין מעמבער האט ניט געוואוסט, אז ער מוז זיך מעלדען צום בר. קורירט איז ער געווארען פון א פרעמדען דאקטאר. דער בר., זייענדיג פארזיכטיג אין אויסצאהלען בענעפיטס, האט באשלאסען איבערצוגעבען דעם פאקט צו דער בענ. קאמ. פון אפיס האט מען דעם בר. געלאזט וויסען, אז זיי זאלען ארייננשיקען א סטייטמענט, אז זיי וויסען אז דער מעמבער איז ווירקליך קראנק געווען. אזא סטייטמענט איז אריינגעשיקט געווארען און דאך האט די בענ. קאמ. די סערטיפיקייטס און סטייטמענט צוריקגעוויזען.

מיט׳ן צווייטען מעמבער האט פאסירט פאלגענדעס: דער מעמבער האט זיך געמאלדען צום האספיטעלער, אז ער איז קראנק, דער האספיטעלער, אנשטאט ארויסצושיקען קאמיטעס צום קראנקען, האט זיין פליכט פארנאכלעסיגט און האט געשיקט קאמיטעס א וואך נאך דעם ווי דער באטרעפענדער מעמ־

בער איז שוין געזונד געווען. די קאָמיטעס האָבען רעפּאָרטעט צום בר., אז זיי האָבען דעם מעמבער געפונען געזונד. דער בר. האָט געשיקט די סיק סערטיפיקייטס צו דער בענ. קאָמ., די בענ. קאָמ. האָט די סערטיפיקייטס צוריקגעוויזען.

דער בר. האָט אַפּעלירט צו אונז. און נאָכדעם ווי מיר האָבען נאָכגעזעהן די פּראָטאָקאָלען פון בר., און אויף די קאַרדס פון האָספּיטעלער, וואָס זיינען „געדייטעט" מיט א וואָך שפּעטער ווי דער קראַנקער האָט זיך געמאָלדען, האָבען מיר באַשלאָסען דעם אַפּיעל גוטצוהייסען.

נאָך א פאַל האָט פּאַסירט, און דאָס איז פאָלגענדעס: א געוויסער מעמבער האָט געאַרבייט אין א קעמפּ און איז קראַנק געוואָרען אויף א פינגער. דער מיליטערישער דאָקטאָר האָט איהם באהאנדעלט, און נאָך דעם ווי דער דאָקטאָר האָט געזעהן, אז דער באטרעפענדער האָט בלוט־פאַרגיפטונג אין פינגער, האָט ער איהם געגעבען א סטייטמענט, אז ער האָט איהם באהאנ־עלט פון דעם טאָג וואָס ער איז קראַנק געוואָרען און האָט דעם מעמבער געשיקט אין שטאָדט זיך קורירען דעם פינגער. די בענ. קאָמ. האָט איהם ענטזאָגט די בענעפיט אויף דעם גרונד וואָס דער סטייטמענט, וועלכען ער האָט צוגעשטעלט, האָט ניט געצייגט אז דאָס איז אן אָפיציעלער דאָקטאָר סטייטמענט. דער מעמבער האָט אַפּעלירט צו אונז. מיר, אונטערזוכענדיג די קייס, זיינען איבערצייגט געוואָרען, אז דער מעמבער איז ווירקליך קראַנק געווען, ווייל קומענדיג פון קעמפּ האָט איהם א צווייטער דאָקטאָר קורירט אויף בלוט־פאַרגיפטונג אין א פינגער. מיר האָבען זיין אַפּיעל גוטגעהייסען.

ווי איהר זעהט, פריינדע דעלעגאַטען, האָבען מיר פיעלע קייסעס, וועלכע די נאַצ. בענ. קאָמ. האָט צוריקגעוויזען, ענטשיידען געגען דער בענ. קאָמ. דאָס הייסט ניט, אז די בענ. קאָמ. האָט געהאַנדעלט אונגעזעצליך. מיר גיבען קרעדיט דער בענ. קאָמ. פאַר ערפילען פליכטען אויף דעם געביעט פון געזעצליכקייט. מיר, אָבער, האָבען זיך ניט גערעכענט אַלע מאָל מיט דער געזעצליכער זייט, נאָר מיר האָבען אויך גענומען יושר אין באטראַכט, און מיר דענקען, אז יושר האָט מאַנכעס מאָל א פיעל וויכטיגערע באדייטונג ווי דער קאַלטער בוכשטאַב פון געזעץ.

### מיסברויכען געלדער

וואָס אנבאַלאַנגט קייסעס וועגען מיסברויכען געלדער, האָבען מיר דיעזען יאָהר געהאַט זעהר וועניג, און די וועניגע זיינען זיך פון אן אונבאדייטענדען כאַראַקטער, אז מיר האָבען ניט געפונען פאַר נויטיג צו רעפּאָרטען.

### איבערטרעטען די פּרינציפּען פון א. ר.

א מעמבער, וואָס איז שטראָפירט געוואָרען פון א. ר. מיט דאָלאַר פאַר איבערטרעטען די פּרינציפּען פון א. ר. אויפ'ן עקזאַמישען געביעט און זיין אַפּיעל איז צוריקגעוויזען געוואָרען פון דער פאָריגער גריוועַנס קאָמ. און האָט זיך געלאָזט שטרייכען פון א. ר., האָט זיך צו אונז געווענדעט, אז מיר זאָלען איהם ערלויבען זיך רעאינסטייטען. מיר האָבען איהם געהייסען זיך ווענדען צו זיין געוועזענעם בּרענטש. ער האָט זיך צו דעם באטרעפענדען בר. געווענדעט און דער בר. האָט געשיקט א קאָמיטע צו אונז און פאַרלאַנגט, אז מיר זאָלען באַוויליגען זיין רעאינסטייטמענט. מיר האָבען באַשלאָסען זיי זאָלען זיך ווענדען צו דער יוניאָן וואָס האָט דעם מעמבער אָנגעקלאָגט, און אויב זיי וועלען געבען זייער צושטימונג, מעג דער בר. ארונטערנעהמען די שטראַפע און דעם מעמבער רעאינסטייטען.

נאָך איין קייס און מיר זיינען צו ענדע. א מעמבער האָט פאַרקלאָגט זיין בר. פאַר ניט נעהמען א פּאַסיגע שטעלונג געגען א מעמבער פון זעלבען בר., וועלכער איז געפונען געוואָרען שולדיג אין איבערטרעטען די פּרינציפּען פון א. ר. די געשיכטע איז ווי פאָלגט:

דער פאַרקלאָגטער האָט צוגעגעבען, אז ער האָט געשטימט פאַר א קאַפּיטאַליסטישען קאַנדידאַט פאַר יונייטעד סטייט סענאַט, וועלכער איז געלאָפען אויף א פּאַסיפיסטישער פּלאַטפאָרם. אין זיין פאַרטיידיגונג האָט ער ערקלערט, אז ער האָט געשטימט פאַר דעם פּאַסיפיסט אום אויסצודריקען זיין פּראָטעסט געגען דעם צווייטען קאַנדידאַט, וועלכער האָט זיך עפענטליך ערקלערט פאַר א שטענדיגען מיליטאַריזם. דער בר. האָט ערקלערט, אז דער מעמבער איז זעהר אן אינטעליגענטער מענש, און די שטראַפע פון איהם ערקלערען שולדיג איז פאַר דעם באטרעפענדען פיעל שווערער, ווי א געלד אָדער אַנדער שטראַפע. מיר האָבען די ערקלערונג פון בר. אָנגענומען און גוטגעהייסען די האַנדלונג.

ווי איהר זעהט, פריינדע דעלעגאַטען, האָבען מיר אייך אין קורצען איבערגעגעבען א טייל פון די מעהר וויכטיגע קייסעס, וואָס מיר האָבען פאַרהאַנדעלט אין פאַרלויף פון דער צייט וואָס מיר זיינען אין אמט. מיר האָבען אויך אָנגעדייטעט די ארט און ווייזע ווי אַזוי מיר האָבען געהאַנדעלט. אין מאַנכע פעלע, וואו עס האָט זיך געפאָדערט אונזער אנוועזענהייט, זיינען מיר געווען פאַרטראָטען דורך אונזער קאָמיטע, וואָס האָט געשליכטעט אַלע צוויסטיגקייטען צו דער צופריעדענהייט פון אַלע צדדים. א פאַקט איז, אז עס איז קיין אַפּיעל געגען אונזערע ענטשיידונגען ניט געמאַכט געוואָרען צו דער נ. ב. אָף ד.

האָפענטליך אז איהר וועט איינזעהן די ערנסטקייט, מיט וועלכער מיר האָבען אונזער אויפגאַבע ערפילט, דאַנקען מיר אייך פאַר אייער צוטרויען, וועלכע איהר האָט אונז אנפאַרטרויט, און מיר פאַרבלייבען,

מיט פריינדליכען גרוס,

נאַציאָנאַלע גריוועַנס קאָמ. א. ר.

---

אידא טילעס:

## זעה איך פויגעלאַך...

פאָלקס-מאָטיוו

זעה איך פויגעלאַך, מאַמע —  
פויגעלאַך גאָר קליינע,  
בין איך זיי מקנא,  
די פויגעלאַך, די שעהנע.

איך וואָלט געוואָלט, ווי זיי,  
לייכט און גרינג אַזוי זיין —  
און באָדען זיך, ווי זיי,  
אין העלען זונען־שיין:

און פליהען איבער פעלדער,  
איבער טייכען, ימ'ען,  
איך וואָלט זיך גלייך געלאָזט  
אין שטעדטעל צו מיין מאַמען:

ס'וואָלט מיין גוטע מאַמע  
געהאַלזט מיך און געקושט,  
און מיט ליעבע טרערען  
געדרוקט מיך צו איהר ברוסט.

פאַר מיין גוטער מאַמען,  
מיין שמערץ כ'וואָלט ניט דערצעהלט —  
נאָר ביי איהר דאַרער ברוסט,  
איך וואָלט איהם שטיל פאַרהיילט.

# רעפּאָרט פון דער מעדיקאל אדווייזערי באָארד

דר. ה. קלימענקאָ, סעקרעטער.
דר. י. האַלפּערן, טשערמאַן.

דר. י. א. מעריסאָן, דר. אב. קאַספּע, דר. י. באַרסקי,
דר. א. הײמאָוויץ, דר. ב. נעלסאָן, דר. פּעני
דעמבאָ, דר. ס. סילווערבערג.

דער דרוק פון די אַלוועלטליכע צרות, די מגפה און די מלחמה, האָט נאַטירליך ניט ערלויבט אין דעם יאָהר צו דענקען פון אירגענד וועלכע קאָנסטרוקטיווע ארבייט פון דעם מעדיציני־שען שטאַנדפּונקט. איין זאַך האָבען מיר אָבער יאָ געלערענט פון די יעצטיגע צרות. עס האָט זיך דייטליך ארויסגעצייגט ווי שווער, אונזיכער און נוצלאָז עס איז די עקזיסטירענדע סיסטעם פון ברענטש דאָקטוירים.

ווען די מגפה האָט אויסגעבראָכען זיינען די מעמבערס פון די פאַרשידענע ברענטשעס פּאַקטיש געבליבען אָהן מעדיצינישע הילף, וועלכע ווערט פאַרזאָרגט פון ברענטש. דער אָפיס האָט גע־מוזט אויף זיך נעהמען די אויפגאַבע דיזע הילף שנעל און אַזוי גוט ווי ער קען, צו לייסטען.

עס איז געקומען אַזוי ווייט, אַז באַלד ווי די מגפה איז פאַר־איבער, האָבען די לאָקאַלע ברענטשעס פאַררופען אַ קאָנפערענץ וועגען די פראַגע פון דיסטריקט דאָקטוירים. דער פאַקט רעדט פאַר זיך אליין.

די אדווייזערי באָארד שלאָגט צום 4טען מאָל פאַר די איינ־פיהרונג פון דיסטריקט דאָקטוירים, אָם וועניגסטענס אין די גרעסערע שטעדט פון לאַנד. איך וויל זיך מעהר ניט אָפּשטעלען אָנצוצייגען אויף די נוצען פון אַזאַ רעפאָרם, דאָס אַלעס איז שוין גערעדט געוואָרען פריהער. די נויט האָט באַשטעטיגט מיינע ארגומענטען.

די מעדיקאַל אדווייזערי באָארד וויל נאָכאַמאָל ציהען די אויפמערקאַמקייט פון די פריינדע דעלעגאַטען צו דער רעקאָ־מענדאַציאָן פון לעצטען יאָהר וועגען פרייוויליגע אונטערזוכונ־גען פון מעמבערס פון 40 אָדער 45 יאָהר אַלט, אָם וועניגסטענס 1 מאָל אַ יאָהר. דער אָנגעשטרענגטער לעבען פון די לעצטע עטליכע יאָהר, און איבערהויפּט נאָך דער לעצטער מגפה, מאַכט אַזאַ רעפאָרט דרינגענד.

עס איז קיין צווייפעל, אַז מענשען וועלען יעצט זיין אונ־טערוואָרפען אונטער פאַרשידענע קראַנקהייטען וועלכע באַווייזען זיך אין דעם אויבען דערמאָנטען עלטער.

די מעדיקאַל אדווייזערי באָארד רעקאָמענדירט אויך צו שאַפען געוויסע קולטור־צענטערס. אין דיעזע פלעצער זאָלען די אינגע־דע מעמבערס אונזערע קענען צוזאַמענקומען פאַר אַן אָנ־גענעהמע צייטפאַרברייננגונג, און אויך זיך לערנען פאַרשידענע גימנאַסטיק. עס זאָל זיין אַ באַדע אַנשטאַלט, פאַרבונדען מיט יענעם צענטער, און פון צייט צו צייט זאָל אויך געגעבען ווערען פאָרלעזונגען וועגען פערזענליכע היגיענע, און איבערהויפּט איי־בער פיזישע פראַגען, וועלכע זיינען שייך צום ארבייטערס לעבען — זאָלען דאָרט דיסקוטירט ווערען.

אין דער לעצטער מגפה האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז די באַ־פעלקערונג האָט געליטען ניט אַזוי פיעל פון אַ מאַנגעל אין דאָק־טוירים, ווי אין אַ גרויסע נויטווענדיגקייט אין נוירסעס. פיעלע פּאַציענטען, וועלכע האָבען געקענט קריגען אַנשטענדיגע נוירסעס באַהאַנדלונג, זיינען געראַטעוועט געוואָרען פון אַ זיכערען טויט. אין דער צייט ווען עס איז אונמעגליך צו מאַכען פון יעדער פרוי אַ געאיבטע נוירס, איז אָבער יאָ מעגליך, און זאָגאַר דרינגענד נויטווענדיג אַז יעדע ארבייטער פרוי זאָל וויסען די ערשטע פרינ־ציפּען פון נוירסינג. צום ביישפּיעל מען קען יעדער פרוי לערנען ווי אַזוי צו נעהמען ריכטיג די טעמפּעראַטור, אום זי זאָל קענען וויסען ווען זי, איהר מאַן אָדער איהר קינד זיינען אין געפאַהר. מען קען יעדע פרוי אויסלערנען ווי אַזוי צו ספּאָנדזשען אַ קראַנ־קען, און דערמיט אַליין קען גרויסע אומגליקען פאַרמידען ווערען נאָך פיעלע קליינינגקייטען, וועלכע קענען זיך ניט לאָזען אויסר[...] כענען אין אַ רעפּאָרט, קענען געצייגט ווערען און געלערנט ווע[...] רען צו די געוועהנליכע ארבייטער פרויען.

עס וואָלט געווען דאַרום ווינשענסווערט, אַז צוזאַמען מי[ט] דיעזע קולטור־צענטערס זאָלען אויך זיין פאַרבונדען פרייוויליג[ע] קלאַסען אין עלעמענטאַרע נוירסינג

האָפענדיג, אַז דיזער רעפּאָרט, ווי אויך די רעקאָמענדאַצי[אָ]נען פון דעם מעדיקאַל אדווייזערי באָאַרד, וועלען ניט נאָר גוט געהייסען ווערען פון דער קאָנווענשאָן, נאָר וועלען אויך דורכגע־פיהרט ווערען אין לעבען, ווינשט די מעדיקאַל אדווייזערי באָארד אייך ערפאָלג.

דר. ה. קלעמענקאָ, סעקרעטער;
דר. י. האַלפּערן, טשערמאַן,

# רעפּאָרט פון דער בענעפיט קאָמיטע

ל. ראָטהמאַן, טשערמאַן.   מ. שפּינראַד, מ. גאָלדינג, דזש. וויינשטיין, ז. שפּייער

צו אַלע דעלעגאַטען פון דער 19טער קאָנווענשאָן פון אָ. ר.

די פאַרשידענע טאַבעלען, סטאַטיסטישע ציפערען און פאַר־גלייכונגען, וואָס צייגען די פאַרשידענע בענעפיט טראַנסעקשאָנס, וועלכע געפינען זיך אויף אַן אַנדער פּלאַץ אין דיעזען נומער, וואָלטען אייגענטליך אַליין, אָהן אירגענד וועלכע קאָמענטאַרען, און זייטיגע זאַכען, גענוג געווען, באַטראַכט צו ווערען אַלס פאָל־שטענדיגער רעפּאָרט פון דער בענעפיט קאָמיטע, אָבער אין פאַר־בינדונג מיט דיזע ציפערען ליגט דער גרעסטער טהייל ארבייט פון דער בענעפיט קאָמיטע דאַריבער וועלען מיר זיך שפּעטער מו־זען אָבשטעלען אויף איניגע פּונקטען, און וועגען זיי ריידען אבי־סעל מעהר באַריכות.

פריהער ווילען מיר דאָ באַריהרען אייניגע פראַגען אויסער־האַלב דיזע ציפערען. מיט וועלכע אונז איז אויסגעקומען היינטי־גען יאָהר זיך צו באַשעפטיגען.

## עקזאַמינײשאָנס פון נייע קאַנדידאַטען.

די דיסטריקט מעדיקאַל עקזאַמענערס, וועלכע ווערען ער־וועהלט פון דער בענעפיט קאָמיטע צו עקזאַמענירען נייע קאַנדי־דאַטען פאַר דעם א. ר. האָבען מיט אומגעפעהר עטליכע וואָכען צוריק איידער מיר זיינען אריין אין אמט, געלאָזט וויסען ד[עם] אָפיס, אַז זיי קענען מעהר ניט אונטערזוכען קיין נייע קאַנדידא[־]טען אין זייער אָפיס פאַר דעם פרייז פון פופציג סענט, און האָ[־]בען פאַרלאַנגט אַ דאָלאַר פאַר יעדע עקזאַמינײשאָן, די ארויסגע[־]הענדע בענעפיט קאָמיטע האָט אונז ביים אינסטאַלײשאָן מיטגע[־]איבערגעגעבען אַז זיי האָבען שוין וועגען דיזער פראַגע קאָנפע[־]רירט מיט דער מעדיקאַל אדווייזערי באָארד און אויך מיט ד[י] מעדיקאַל עקזאַמענערס, אָבער די לעצטע זיינען געבליבען ב[יי] זייער באַשלוס אַז וועניגער ווי פאַר אַ דאָלאַר קענען זיי ניט מא[־]כען קיינע עקזאַמינײשאָנס.

מיר האָבען איינגעזעהן, אַז דיזע העכערונג אין פרייז וועט ז[י]עהר שלעכט אָברופען אויף די ברענטשעס, וועלכע זיינען פון [...] לאַנגע צייט געוואָהנט געווען צו עקזאַמענירען זייערע קאַנדידא[־]טען פאַר פופציג סענט, און איבערהויפּט האָבען מיר איינגעזע[הן] אַז דאָס וועט זעהר שלעכט ווירקען אויף דעם מעמבערשיפּ קאַמ[־]פּיין, וועלכען די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט אָנגעפאַנגען [...] אַראַנזשירען, מיר האָבען דאַרום ארויסגעשיקט אַ צושריפט [...] אַלע אונזערע מעדיקאַל עקזאַמענערס, און זיי ערקלעהרט די לאַג[ע] צוזאַמען מיט דעם צושריפט האָבען מיר אויך ביינעלעגט [...]

| קראנקען בענעפיט אויסגעצאהלט 1918 פער מעמבער | 1918 באצאהלט | 1917 פער מעמבער | 1917 באצאהלט | 1916 פער מעמבער | 1916 באצאהלט | מעמבערס 1918 % | 1918 קראנקע | 1918 מעמבערשיפ | 1917 % | 1917 קראנקע | 1917 מעמבערשיפ | 1916 % | 1916 קראנקע | 1916 מעמבערשיפ | אלטער |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| $30.00 | $ 120 | $1.15 | $ 54 | $ .46 | $ 42 | 17.5 | 7 | 40 | 8.5 | 4 | 47 | 6.5 | 6 | 92 | 18 |
| 2.16 | 252 | 2.04 | 471 | 1.65 | 516 | 12.8 | 16 | 125 | 14.3 | 33 | 231 | 9.0 | 29 | 322 | 19 |
| 2.46 | 930 | 3.19 | 1,806 | 1.73 | 1,104 | 23.6 | 89 | 373 | 16.8 | 94 | 566 | 10.4 | 66 | 637 | 20 |
| 2.95 | 2,088 | 2.75 | 2,442 | 2.39 | 2,388 | 24.4 | 173 | 708 | 15.4 | 137 | 889 | 14.4 | 145 | 1,006 | 21 |
| 2.98 | 3,312 | 2.56 | 3,369 | 1.98 | 2,820 | 18.7 | 207 | 1,110 | 14.3 | 190 | 1,326 | 12.7 | 182 | 1,438 | 22 |
| 4.68 | 7,500 | 2.90 | 5,094 | 2.55 | 5,001 | 20.3 | 325 | 1,601 | 16.6 | 291 | 1,750 | 14.7 | 290 | 1,969 | 23 |
| 3.68 | 7,305 | 2.59 | 5,886 | 2.64 | 5,397 | 20.7 | 411 | 1,989 | 14.4 | 327 | 2,276 | 15.5 | 325 | 2,035 | 24 |
| 4.63 | 10,197 | 3.06 | 7,029 | 3.01 | 6,549 | 23.0 | 581 | 2,535 | 15.3 | 350 | 2,298 | 22.7 | 493 | 2,172 | 25 |
| 4.13 | 10,518 | 3.04 | 7,437 | 3.00 | 7,772 | 22.6 | 553 | 2,550 | 16.3 | 399 | 2,451 | 16.8 | 434 | 2,568 | 26 |
| 3.98 | 10,446 | 2.73 | 7,365 | 2.88 | 8,346 | 22.6 | 595 | 2,632 | 14.0 | 381 | 2,720 | 15.7 | 453 | 2,890 | 27 |
| 3.56 | 10,581 | 2.88 | 9,480 | 2.56 | 8,067 | 21.8 | 649 | 2,977 | 14.1 | 465 | 3,219 | 14.6 | 462 | 3,152 | 28 |
| 3.89 | 13,248 | 2.58 | 8,580 | 2.88 | 9,129 | 21.9 | 748 | 3,410 | 14.5 | 484 | 3,338 | 14.8 | 470 | 3,176 | 29 |
| 2.71 | 12,810 | 2.52 | 8,679 | 2.98 | 9,600 | 21.1 | 733 | 3,475 | 14.2 | 489 | 3,445 | 16.6 | 535 | 3,220 | 30 |
| 3.72 | 12,924 | 3.13 | 10,230 | 3.04 | 9,294 | 21.9 | 764 | 3,480 | 15.7 | 510 | 3,247 | 17.5 | 500 | 3,058 | 31 |
| 3.64 | 12,702 | 2.82 | 9,075 | 2.90 | 8,103 | 21.0 | 732 | 3,499 | 13.9 | 448 | 3,206 | 16.1 | 450 | 2,790 | 32 |
| 3.42 | 11,895 | 2.96 | 8,781 | 3.14 | 7,617 | 20.3 | 702 | 3,470 | 14.6 | 425 | 2,960 | 17.6 | 428 | 2,430 | 33 |
| 3.73 | 11,406 | 3.20 | 8,199 | 2.70 | 6,576 | 19.8 | 607 | 3,063 | 14.7 | 376 | 2,549 | 15.9 | 336 | 2,114 | 34 |
| 3.93 | 10,710 | 2.94 | 6,804 | 3.35 | 6,513 | 20.6 | 564 | 2,728 | 13.1 | 303 | 2,318 | 18.5 | 361 | 1,944 | 35 |
| 3.19 | 8,190 | 3.08 | 6,333 | 3.50 | 6,846 | 18.2 | 468 | 2,565 | 14.2 | 293 | 2,057 | 16.4 | 319 | 1,952 | 36 |
| 4.05 | 8,790 | 3.02 | 6,360 | 3.84 | 6,303 | 20.6 | 446 | 2,169 | 14.2 | 302 | 2,103 | 19.7 | 318 | 1,614 | 37 |
| 3.74 | 8,394 | 3.33 | 5,688 | 3.04 | 4,554 | 20.8 | 469 | 2,245 | 15.3 | 262 | 1,709 | 14.9 | 223 | 1,498 | 38 |
| 3.84 | 6,735 | 3.80 | 5,832 | 2.32 | 4,278 | 20.8 | 366 | 1,756 | 16.8 | 258 | 1,532 | 16.8 | 216 | 1,289 | 39 |
| 4.26 | 6,540 | 3.88 | 4,497 | 3.47 | 3,867 | 19.9 | 306 | 1,535 | 16.7 | 205 | 1,254 | 17.7 | 195 | 1,103 | 40 |
| 3.68 | 4,473 | 4.13 | 4,380 | 5.26 | 4,662 | 19.4 | 236 | 1,218 | 18.3 | 194 | 1,060 | 22.7 | 202 | 888 | 41 |
| 4.23 | 4,527 | 4.16 | 3,570 | 5.20 | 3,753 | 19.2 | 205 | 1,070 | 17.7 | 152 | 859 | 20.4 | 147 | 723 | 42 |
| 3.92 | 3,375 | 4.37 | 3,036 | 3.98 | 2,496 | 20.3 | 175 | 860 | 17.7 | 124 | 702 | 18.3 | 115 | 629 | 43 |
| 5.14 | 3,609 | 3.50 | 2,121 | 8.38 | 4,134 | 19.8 | 139 | 702 | 16.9 | 102 | 606 | 36.6 | 180 | 492 | 44 |
| 5.76 | 3,462 | 4.17 | 1,986 | 4.43 | 1,710 | 22.6 | 136 | 602 | 17.2 | 82 | 476 | 19.9 | 77 | 386 | 45 |
| 3.69 | 1,716 | 4.92 | 1,836 | 5.93 | 1,722 | 18.9 | 88 | 465 | 20.6 | 77 | 374 | 22.7 | 66 | 291 | 46 |
| 5.65 | 2,076 | 4.75 | 1,344 | 3.59 | 756 | 23.7 | 87 | 367 | 20.1 | 57 | 283 | 14.7 | 31 | 211 | 47 |
| 6.15 | 1,740 | 6.76 | 1,338 | 5.08 | 828 | 19.8 | 56 | 283 | 21.2 | 42 | 198 | 23.9 | 39 | 163 | 48 |
| 4.85 | 936 | 3.91 | 621 | 1.99 | 237 | 17.6 | 34 | 193 | 17.6 | 28 | 159 | 13.5 | 16 | 119 | 49 |
| 3.31 | 522 | 5.54 | 615 | 2.92 | 285 | 12.7 | 20 | 158 | 18.0 | 20 | 111 | 14.3 | 14 | 98 | 50 |
| 5.47 | 591 | 4.25 | 411 | 3.65 | 270 | 16.7 | 18 | 108 | 20.6 | 20 | 97 | 21.6 | 16 | 74 | 51 |
| 3.38 | 321 | 3.87 | 282 | 7.17 | 330 | 21.1 | 20 | 95 | 16.5 | 12 | 73 | 17.4 | 8 | 46 | 52 |
| 5.87 | 411 | 3.91 | 168 | 2.14 | 75 | 21.4 | 15 | 70 | 11.6 | 5 | 43 | 14.3 | 5 | 35 | 53 |
| 2.63 | 108 | 2.37 | 78 | 11.00 | 132 | 17.1 | 7 | 41 | 6.0 | 2 | 33 | 45.5 | 5 | 11 | 54 |
| 2.25 | 72 | 7.20 | 72 | 4.80 | 27 | 9.4 | 3 | 32 | 40.0 | 4 | 10 | 20.0 | 3 | 15 | 55 |
| 8.16 | 81 | 1.73 | 24 | 3.00 | 6 | 30.3 | 4 | 10 | 21.4 | 3 | 14 | 50.0 | 1 | 2 | 56 |
| — | — | — | — | 11.00 | 66 | — | — | 12 | — | — | 1 | 33.3 | 2 | 6 | 57 |
| 12.00 | 12 | — | — | — | — | 100.0 | 1 | 1 | — | — | 6 | — | — | — | 58 |
| 12.00 | 12 | — | 18 | — | — | 33.3 | 1 | 3 | — | — | — | | | 1 | 59 |
| | $215,637 | — | $161,421 | — | $152,166 | — | 11,756 | 56,324 | | 7,951 | 52,542 | | 8,163 | 48,659 | — |

בלענק וועלכען דער דאָקטאָר האָט געדאַרפט ענטפערען אויב ער נעהמט אָן אלס דיסטריקט עקזאַמענער אויף די אַלטע בעדינגונגען, אַלע דאָקטוירים מיט דער אויסנאַהמע פון איינעם האָבען געענטפערט, אַז זיי קענען אויף די אַלטע בעדינגונגען ניט אָננעמען אַל סמעדיקאַל עקזאַמענערס, נאָך אַ באַראַטהונג מיט אונזער מעדיקאַל אַדוויזערי באָארד האָבען מיר ענדליך געמוזט איינגעהען אויף אַ קאָמפּראָמיס, נעמליך: אַז איינינע אַבענדען אַ וואָך זאָלען געמאַכט ווערען עקזאַמינייש‎אָנס אין אָפיס פון ארב. רינג, און די קאַנדידאַטען אַנשטאַט צו געהן אין די אָפיסעס פון די דיסטריקט עקזאַמענערס, זאָלען זיי קומען אין אָפיס פון אַ. ר. וואו זיי וועלען אונטערזוכט ווערען צו פופציג סענט.

מיר האָבען גלייך געמאַכט אַראַנדזשעמענטס מיט צוויי דאָקטוירים פון דאַון טאַון, וועלכע זאָלען קומען אין אָפיס יעדען מאָנטאַג און פרייטאַג אַבענד עקזאַמינירען קאַנדידאַטען, און אַ צושריפט צו די ברענטשעס האָבען מיר וועגען דעם געלאָזט וויסען און עס האָט זיך ארויסגעצייגט צו זיין גאַנץ ערפאָלגרייך, שפּעטער האָבען מיר אויך אויף דעם פּאַרלאַנג פון די ברוקלינער ברענטשעס, געמאַכט אַראַנדזשעמענטס, מיט אַ דיסטריקט עקזאַמינער פון ברוקלין, און מיר האָבען דאָרט אויך איינגעפיהרט אַ געוויסען אַבענד אין וואָך עקזאַמינייש‎אָנס פאַר נייע קאַנדידאַטען מיט די אַלטע קאָנדיציאָנען. — לעצטענס האָבען מיר אויך איינגעפיהרט צוויי עקזאַמינייש‎אָן אַבענדען פאַר האַרלעם און בראָנזוויל, ביי דיזע אַלע עקזאַמענייש‎אָנס איז אַנוועזענד אַ קאָמיטע מאַן וועלכען מיר האָבען אַפּאָינטעד, אויפצופאַסען, אַז אַלעס זאָל צוגעהן אין אָרדנונג, און לויט די באַריכטען וואָס מיר ערהאַלטען ווערען דיזע עקזאַמינייש‎אָנס דורכגעפיהרט מיט גאַנץ צופרידענשטעלענדע רעזולטאַטען.

## דיסטריקט דאָקטוירים.

אָנפאַנג דזשון, באַלד ווי מיר זיינען אריין אין אַמט, האָבען מיר געקראָגען אַ אַנצאָהל בריעף, פון פיעלע ברענטשעס, וועלכע האָבען אונז געלאָזט וויסען אַז זייערע ברענטש דאָקטוירים האָבען זיי צוגעשיקט נייע קאָנטראַקטען, אַנשטאַט דעם וואָס זיי האָבען ביז יעצט אַטענדעט צו אַ סינגעל־מעמבער פאַר 1 דאָלאַר און אַ פאַמיליע־מעמבער פאַר 3 דאָלאַר, אַ יאָהר פאַרלאַנגען זיי צוויי אָדער פיער דאָלאַר. —

אַזעלכע פאָדערונגען זיינען געשטעלט געוואָרען כמעט צו אַלע ברענטשעס פון ניו יאָרק פון זייערע דאָקטוירים. — די ברענטשעס האָבען אונז דורך צושריפטען און אויך דורך קאָמיטעס אָנגעפרעגט אויב מיר וועלען גוטהייסען סיק סערטיפיקייטס וועלכע וועלען אונטערשריבען ווערען פון פרעמדע דאָקטוירים ווייל פיעלע מעמבערס ענטזאַגען זיך, אונטער דיזע קאָנדיציאָנען אין גאַנצען צו באַלאַנגען צום ברענטש דאָקטאָר, — מיר האָבען געראַטען די ברענטשעס פאָרלויפיג צו ערוועהלען זייערע דאָקטוירים אויף איין קוואַרטאַל, און מיר האָבען איינגערופען אַ קאָנפערענץ פון אַלע ניו יאָרקער ברענטשעס, מיט דעם צוועק נאָך אַמאָל אויפצוהויבען די פראַגע פון דיסטריקט דאָקטוירים, מיר זיינען געווען מיט דער איבערצייגונג אַז מיט דער איינפיהרונג פון דיסטריקט דאָקטוירים, וואָלט דיזע פראַגע געקענט זעהר לייכט געלעזט ווערען. ערשטענס וואָלטען די ברענטשעס געקענט קריגען בעסערע דאָקטוירים, און פיל‎ייכט נאָך מיט בעסערע בעדינגונגען, ווי די וואָס זיינען זיי געשטעלט געוואָרען פון זייערע איצטיגע דאָקטוירים, און צווייטענס וואָלט דאָס אָהן צווייפעל געווען אַ בעסערע קאָנטראָלע אויף די קראַנקען־בענעפיט, ווייל יעדער סערטיפיקייט וואָלט אונטערשריבען געוואָרען פון אַ פאַראַנטוואָרטליכען דאָקטאָר..

מיר האָבען אַזאַ קאָנפערענץ פאַררופען פאַר דעם 26טען אויגוסט, אַ גרויסע צאָהל ברענטשעס פון גרייטער ניו יאָרק זיינען געווען פאַרטראָטען, מיר האָבען פאַר דעם קאָנפערענץ די פראַגע פאָרגעלעגט אַזוי קלאָהר ווי מעגליך, און אָנגעוויזען די איבלען וואָס הערשען אונטער דעם יעצטיגען סיסטעם פון ברענטש דאָקטוירים, אָבער צום באַדויערען מוז דאָ געזאָגט ווערען אַז די גרויסע מאַיאָריטעט פון די אַנוועזענדע ברענטשעס, האָבען דאָס ניט געוואָלט איינזעהן, און דער פאָרשלאַג וועגען דיסטריקט דאָקטוירים איז דורכגעפאַלען.

מיר ווייסען ניט גענוי וואָס אַלע ברענטשעס האָבען געטאָן בעצוג דער נייער פאָדערונג פון זייערע דאָקטוירים, עס קען זיין אַז אַ גרויסע טהייל ברענטשעס האָבען געמוזט נאָכגעבען די בעדינגונגען וואָס די דאָקטוירים האָבען פון זיי פאַרלאַנגט, און די וואָס האָבען עס ניט געוואָלט טהון האָבען געמוזט זוכען ביליגערע דאָקטוירים אָדער זיינען אין גאַנצען געבליבען אָהן אַ דאָקטאָר.

איין זאַך איז אָבער זיכער, אַז קיין צו גרויסע צופרידענהייט מיט דעם יעצטיגען סיסטעם פון דאָקטוירים איז אין די ברענטשעס נ י ט דאָ.

און אַם שטאַרקסטען האָט זיך דאָס ארויסגעצייגט אין דער צייט ווען עס האָט אָנגעהאַלטען די עפּידעמיע, פיעלע ברענטשעס זיינען דאַמאַלס געקומען צו אונזערע מיטינגען און אויך צו דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע, מיט קלאַגען און פּראָטעסטען געגען זייערע דאָקטוירים, וועלכע האָבען אין דער צייט פון אונגליק מיט זיי אין גאַנצען אָבגעבראָכען די קאָנטראַקטען און האָבען זיך גענצליך ענטזאַגט צו אַטענדען די מעמבערס וועלכע האָבען זיי ערוועהלט.

מיר האָבען אויפגענומען די אַלע קלאַגען און באַשולדונגען געגען דער פאַרברעכערישער האַנדלונג פון די באַטרעפענדע דאָקטוירים, און מיר האָבען זיי אַוועקגעשטעלט אויף דעם רעקאָרד, אַז זיי טאָרען מעהר ניט זיין קיין דאָקטוירים אין קיין ברענטש פון ארבייטער רינג.

דאָס אַליין האָט אָבער ווייט ניט צופרידענגעשטעלט די ברענטשעס, און עס האָט זיך ווידער אַמאָל אָנגעהויבען אַ באַוועגונג צו לעזען די אָנגעוועטאָגטע דאָקטאָר פראַגע, און דורך דער איניציאַטיווע פון אַ 12—15 ברענטשעס, איז ווידער איינגערופען געוואָרען אַ קאָנפערענץ. ביי דיזער קאָנפערענץ זיינען געווען פאַרטראָטען 103 ברענטשעס פון גרייטער ניו יאָרק.

דר. מעריסאָן, פון דער מעדיקאַל אַדוויזערי באָארד, איז דורך אונז איינגעלאַדען געוואָרען צו האַלטען אַ רעפעראַט וועגען דיסטריקט דאָקטוירים, און נאָכדעם ווי די פראַגע איז אַלזייטיג דיסקוטירט געוואָרען, האָט דער קאָנפערענץ אָנגענומען אַ באַשלוס, איינצופיהרען אין גרייטער ניו יאָרק אַ „דיסטריקט מעדיקאַל דעפּאַרטמענט“ אין וועלכען ברענטשעס זאָלען זיך פרייוויליג אָנשליסען, ביים קאָנפערענץ האָבען זיך באַלד אָנגעשלאָסען אומגעפעהר 60 ברענטשעס וועלכע צעהלען אַ מעמבערשיפ נאָהענט פון צעהן טויזענד, — דער קאָנפערענץ האָט אויך ערוועהלט אַ קאָמיטע, וועלכע זאָל אָנפיהרען די ארבייט, און האָט אויך איינגעלאַדען די בענעפיט קאָמיטע צו זיין פאַרטראָטען ביי זייערע מיטינגען, און העלפען דער קאָמיטע דורכפיהרען די ארבייט, די קאָנפערענץ האָט אויך אָנגענומען אַ רעזאָלוציאָן, וועלכע וועט פאָרגעבראַכט ווערען ביים קאָנווענשאָן אויפפאָדערענדיג די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו קאָמיטע, אַז זיי זאָלען איינפיהרען די סיסטעמע אין אַלע גרויסע צענטערען וואו ס'געפינען זיך ברענטשעס פון אַ. ר. און די דיסטריקט דאָקטוירים איינפיהרונג זאָל ווערען אַ נאַציאָנאַלע אינסטיטושאָן אין אַ. ר.

לאָמיר האָפען אַז דער וואונש פון דעם קאָנפערענץ וועט אין דער נאָהענטער צוקונפט פאַרווירקליכט ווערען און דאַמיט וועט געלעזט ווערען איינע פון די וויכטיגסטע פראַגען פאַר די מעמבערס פון אַ. ר.

## די עפּידעמיע און איהר ווירקונג אויף דעם בענעפיט פאָנד.

פון די פינאַנציעלע באַריכטען אין דיזען רעפּאָרט, ווי אויך פון די טאַבעלען וועלכע צייגען די אויסצאָהלונגען פון קראַנקען בענעפיט פאַר יעדען קוואַרטאַל אין יאָהר, וועט איהר שוין אַליין קענען האָבען אַ באַגריף וואָס פאַר אַ ווירקונג די עפּידעמיע האָט געהאַט אויף דעם קראַנקען בענעפיט פאָנד. מיר קענען אָבער דיזע פּאַסירונג ניט איבערלאָזען בלויז צו די טויטע בוכשטאַבען און מיר מוזען דאָ זאָגען עטליכע ווערטער.

אָנפאַנג דזשולי, אומגעפעהר אַ מאָנאַט נאָכדעם ווי מיר זיינען אריין אין אַמט, האָט אונז דער דזשענ. סעק., פר. באַסקין צוגעשטעלט אַ גענויען רעפּאָרט פון בענעפיט דעפּ. וועלכער האָט געצייגט, אַז אָנפאַנג יאַנואַר 1918 איז אין קראַנקען בענעפיט פאָנד געווען אַ סורפּלוס פון גענויע 37 טויזענד דאָלאַר, אַ קוואַרטאַל שפּעטער, ד. ה. דעם 1טען אַפּריל האָט שוין דער סורפּלוס דערגרייכט די סומע פון 43 טויזענד דאָלאַר, און אין אָנפאַנג דזשולי האָט דער סורפּלוס שוין געהאַט איבערגעשטיגען די סומע פון 50 טויזענד דאָלאַר. זעהענדיג אַז דער בענעפיט דעפּאַרטמענט געפינט זיך אין אַזאַ גלענצענדען צושטאַנד, און אויך רע־

בענדיג זיך מיט די אומשטענדען אז 6 דאָלאר א וואָך איז איבער־הויפּט זעהר ווייניג פאר איינעם וואָס ווערט קראַנק, אין דער צייט ווען לעבענס־מיטלען זיינען אונגעהייער טהייער, האָבען מיר גע־שטעלט אויף אונזער טאגעסאָרדנונג די פראַגע וועגען פארגרע־סערען די קראַנקען־בענעפיט, מיר האָבען ערוועהלט א קאָמיטע, וועלכע זאָל צוזאמען מיט דעם דזשענ. סעקרעטער בעטראַכטען די פראַגע אויב ס'איז מעגליך מיט א קליינע העכערונג אויף די צאָהלונגען צום קראַנקען בענעפיט, צו קענען העכערען די בע־נעפיטס פון 6 אויף 8 אָדער פילייכט 10 דאָלאר א וואָך. אָבער איידער אונזער קאָמיטע האָט נאָך געקענט קומען צו איר־גענד וועלכען שלום, האָט אויסגעבראָכען די אונגליקליכע עפּי־דעמיע, וועלכע האָט צושטערט אַלע אונזערע פּלענער און באַ־טראַכטונגען.

די עפּידעמיע איז אָנגעקומען ענדע מאָנאַט סעפּטעמבער און האָט אָנגעהאַלטען עטליכע מאָנאַטען, און אויף ווי ווייט זי האָט זיך אָפּגערופען אויף דעם בענעפיט פאָנד קענט איהר זעהן פון פאָלגענדען פאַקט.

אין דעם 74טען קוואַרטאל, ד. ה. אין די מאָנאַטען אָקטאָ־בער, נאָוועמבער, און דעצעמבער, איז אויסגעצאָהלט אין געוואָרען אין קראַנקען בענעפיט גאַנצע הונדערט טויזענד דאָלאר, וועהרענד אין די פאָריגע קוואַרטאַלען פלעגט דער דורכשניט אויסצאָהלונגען פון קראַנקען בענעפיט, זיין פון 34 ביז 38 טויזענד דאָלאר, דאָס הייסט אז פון דעם נעט סורפּלוס אין קראַנקען בענעפיט פאָנד וועלכער האָט דעם ערשטען אָקטאָ־בער באַטראָפען 63 טויזענד דאָלאר, האָט די עפּידעמיע אין פארלויף פון איין קוואַרטאַל פארצעהרט איבער פופציג טויזענד דאָלאַר.

וועהרענד דיזער ראַפּאָרט ווערט געשריבען ענדיגט זיך דער 75טער קוואַרטאל, פאר די מאָנאַטען יאַנואַר און מאַרטש, און כאָטש די עפּידעמיע איז שוין אין דיזען קוואַרטאל באַדייטענד אָפּגעשוואַכט געוואָרען, זיינען אָבער די אויסצאָהלונגען פון קראַנקען בענעפיטס נאָך ווייט פון צו זיין נאָרמאַל, און ווי עס שיינט וועט פון דעם איבערגעבליבענעם סורפּלוס פון 13 טויזענד דאָלאַר וואָס איז געווען אָנפאַנג קוואַרטאַל זיך זעהר ווייניג אָב־שטעלען, מיט אַנדערע ווערטער הייסט עס אז דער גאַנצער סור־פּלוס וואָס האָט זיך אָנגעקליבען אין פארלויף פון 7 אָדער אַכט יאָהר, זייט עס איז איינגעפיהרט געוואָרען די סטאַנדאַרד צאָה־לונגען פון 90 סענט א קוואַרטאַל פאַר קראַנקען בענעפיט, איז פּראַקטיש אין איין קוואַרטאַל גענצליך אָבגעווישט געוואָרען, און אַנשטאַט צו באַטראַכטען די פראַגע וועגען העכערען די בענע־פיטס מוז יעצט אַוועקגעשטעלט ווערען א גאַנץ אַנדערע פראַגע, נעמליך: צו שאַפען אַן „עמוירדזשענסי פאָנד", אָדער א „רע־זערוו פאָנד" כדי צו קענען פארזיכערען די בענעפיטס אין דער צייט פון אַן אונערוואַרטעטען אויסברוך פון עפּידעמישע קראַנק־הייטען.

## פּינקטליכקייט פון סיק־סערטיפיקייטס.

אין דער צייט פון דער עפּידעמיע זיינען אריינגעקומען אין אָפיס מאַסען סיק סערטיפיקייטס אָהנע אונטערשריפטען פון קאָמיטעס, מיר האָבען נאַטירליך זיך גערעכענט מיט דער לאַגע ווייל אין אַזאַ צייט קען מען ניט פאַרלאַנגען אַז קאָמיטעס זאָלען באַזוכען קראַנקע, און מיר האָבען אַלע סיק סערטיפיקייטס גוט־געהייסען, עס האָט זיך אָבער אַרויסגעצייגט, אַז פיעלע סערטיפי־קאַטס וועלכע זיינען ניט געווען פון „אינפלוענציע" קראַנקהייטען זיינען אויך אריינגעשיקט געוואָרען אָהן קאָמיטעס, און זאָגאַר מעמבערס ווי די עפּידעמיע איז שוין פאַראיבער, האָבען פיעלע סעקרעטערס זיך שוין צוגעוואָהנט ניט צו שיקען קיין קאָמיטעס צו זייערע קראַנקע, דאָס האָט נאַטירליך געפיהרט צו פיעלע אומ־נויטיגע אַרבייט, פאַר דעם אָפיס, און מיר זיינען געצוואונ־גען אַרויסצושיקען א צושריפט צו די בראַנטשעס און זיי אויפ־מערקזאַם מאַכען אַז זיי זאָלען מעהר אויפפאַסען אויף די נוצלי־כקייט פון די קראַנקען בענעפיט, און פאַרמיידען אומזיסטע אַרבייט פאַר דעם אָפיס, און אויך פאַר די בראַנטש סעקרעטערע, ... געפינען פאַר נויטיג צו דערמאָנען דאָס אין דיזען רעפּאָרט, ... נאָך יעצט ליידעט דער בענעפיט דעפּאַרטמענט פון דעם

באַציהונג. אַזעלכע סערטיפיקייטס מוזען צוריקגעשיקט ווערען, און עס מאַכט נאַטירליך דעם אָפיס שוועריגקייטען, עס קאָמפּלי־צירט די אַרבייט און עס פאַראורזאַכט טהיילווייז אַז דער בענע־פיט דעפּאַרטמענט זאָל ניט קענען זיין „אַפּ־טו־דייט."

## אַנפראַגען צו האָספּיטעלער — וועגען בענעפיטס.

אום צו האָבען א קלאָרען באַגריף ווי אַזוי די בראַנטשעס קאָנטראָלירען די קראַנקען בענעפיטס האָבען מיר אַרויסגעשיקט א צושריפט צו די בראַנטש האָספּיטעלער מיט פאָלגענדע פראַ־גען צו ענטפערען:

1) וויפיעל קאָמיטעס א וואָך שיקט איהר צו א קראַנקען? 2) נוצט איהר די פּאָסטאַל קאַרדס פון אָפיס, אָדער האָט איהר אייגענע געדרוקטע בריעף? 3) אויב איהר נוצט ניט די פּאָסטאַל קאַרדס פון אָפיס, האָט איהר דופּליקייטס פון אייערע לעטערס וואָס איהר שיקט צו די קאָמיטעס? 4) ווען א מעמבער מעלדעט זיך קראַנק, באַזוכט איהר איהם אַליין, אָדער איהר שיקט בלויז קאָמיטעס? 5) האָט אייער בראַנטש א באַשלוס צו שטראָפירען קאָמיטעס פאַר ניט אַטענדען צו קראַנקע? אויב יאָ, וואָס איז די שטראָף? ווערט דאָס דורכגעפיהרט? 6) זייט איהר פערזענליך צופרידען מיט דער אַרט און ווייזע ווי די סיק בענעפיט ווערט קאָנטראָלירט אין אייער בראַנטש? 7) גיט אייער מיינונג וועלכע אויסבעסערונגען בכלל וואָס קענען געמאַכט ווערען אום בעסער צו קאָנטראָלירען די סיק בענעפיט אין אייער בראַנטש. 8) האָט אייער בראַנטש לאָקאַלע בענעפיט און וויפיעל? 9) אויב איהר האָט לאָקאַלע בענעפיט, פון וועלכע וואָך פון זיין קראַנקהייט איז ער באַרעכטיגט דערצו?

פון פילע האָספּיטעלער זיינען אריינגעקומען אַנטוואָרטען און אויך רעקאָמענדיישאָנס, די אַנטוואָרטען ענטהאַלטען גאַנץ אינטערעסאַנטען מאַטעריאַל מיט וועלכען דער בענעפיט דע־פּאַרטמענט וואָלט אונטער מעהר נאָרמאַלע צושטענדע זיך גאַנץ גוט געקענט באַנוצען, אָבער צוליעב דער עפּידעמיע וועלכע האָט דעם דעפּאַרטמענט פאַרוואָרפען מיט צופיעל אַרבייט האָט דאָס געמוזט אָבגעלעגט ווערען אויף א מעהר גינסטיגערע צייט.

## פרויען קראַנקהייטען.

מיר ווילען דאָ ציהען אייער אויפמערקזאַמקייט אויף אונזער רעקאָמאַנדיישאָן וועלכע מיר שלאָגען פאַר צום קאָנווענשאָן בע־צוג דער פראַגע פון צאָהלען קראַנקען בענעפיט אויך פאַר פרויען קראַנקהייטען.

ווי איהר ווייסט האָט זיך ביז יעצט געפיהרט אַז פרויען וועלכע זיינען קראַנק אויף ספּעציעלע פרויען קראַנקהייטען זיינען ניט באַרעכטיגט צו קיין קראַנקען בענעפיט, אונטער די ווערטער ספּעציעלע פרויען קראַנקהייטען איז אָבער קיין מאָל ניט פעסט־געשטעלט געוואָרען וועלכע קראַנקהייט דאַרף באַטראַכט ווערען אַלס א „ספּעציעלע" פאַר וועלכע מען דאַרף ניט צאָהלען קיין בענעפיט, און צוליעב דער אונקלאָרהייט אין דיזער פראַגע פלעגען אַלע מאָל אַרויסקומען מיספערשטענדניסע, עס זיינען געווען פיעלע קייסעס וואו פרויען האָבען געליטען פון אַזעלכע קראַנק־הייטען ווי „טומאָר" אָדער ענליכעס, וועלכע זיינען געווען צווייפעלהאַפט צי דאָס זיינען ספּעציעלע פרויען קראַנקהייטען, דאָך האָבען זיי קיין בענעפיט ניט געקראָגען.

מיר האָבען איינגעזעהן אַז עס איז פּשוט אַן אומרעכט, פרויען ווערען אַריינגענומען אין אָרב. רינג גראָדע אַזוי גוט ווי מענער, מען שטעלט זיי ניט קיין אויסערגעוועהנליכע באַדינגונ־גען ווען זיי ווערען אויפגענומען, און פאָלגליך ווען זיי ווערען קראַנק דאַרפען זיי זיין באַרעכטיגט צו בענעפיט, און אום די פראַגע זאָל איינמאָל פאַר אַלע מאָל קלאָהר ווערען, רעקאָמענ־דירען מיר, אַז: „פרויען זאָלען זיין באַרעכטיגט צו בענעפיטס פאַר אַלע קראַנקהייטען, אויסער אַזעלכע וועלכע ווערען דירעקט פאַראורזאַכט פון שוואַנגערשאַפט, ענטבינדונג אָדער זויגען קינדער."

מיר זיינען איבערצייגט אַז אויב דיזע רעקאָמאַנדיישאָן וועט אָנגענומען ווערען וועט דאָס אין דער צוקונפט אָפּשאַפען

### שלום.

מיר האבען אייך אין דיזען רעפארט איבערגעגעבען אזוי קורץ ווי מעגליך אלע וויכטיגע פראגען מיט וועלכע אונז איז אויסגעקומען צו קומען אין בערירונג, מיר וואלטען איינגעטליך זיך געדארפט אבשטעלען אויף די פארשידענע בענעפיט קייסעס וועגען וועלכע מיר האבען אין פארלויף פון יאהר געהאנדעלט, זיי זיינען אבער אזוי פיעל אין צאהל, אז דאס וואלט פארנומען צופיעל פלאץ, מיר וועלען אבער וועגען די מעהר וויכטיגע פון זיי מינדליך בארי־כטען ביים קאנווענשאן, דא ווילען מיר בלויז זאגען אז אין אלע אונזערע האנדלונגען וועגען די פארשידענע בענעפיט קייסעס, סיי די וועלכע מיר האבען צוריקגעוויזען און סיי די וועלכע מיר האבען אויסגעצאהלט זיינען מיר געווען אונפארטייאיש, און מיר האבען זיך בלויז גערעכענט מיט דער געזעצליבער זייט וועלכע די קאנסטיטושאן פון א. ר. שרייבט פאר, און מיט דעם פולען באוואוסטזיין אז מיר האבען דעם בענעפיט דעפארטמענט פארוואלטעט לויט אונזער בעסטע פעהיגקייטען און צו דער צופרידענהייט פון דער ברייטער מעמבערשיפ וועלכע האט אונז דיעזע פארוואלטונג אנפארטרויעט, באגריסען מיר דעם 19טען יעהרליכען קאנווענשאן פון ארב. רינג און מיר האפען אז די קומענדע בענעפיט קאמיטע וועט ניט דארפען דורכמאכען אזא שווערען און אונגינסטיגען יאהר.

נאציאנאל בענעפיט קאמיטע, א. ר.

## פאלגענדע טאבעלען ענטהאלטען איינצעלהייטען וועגען מעמבערס וואס האבען געקראגען קאנסאמפשאן בענעפיט אין יאהר 1918

| עלטער | צאהל מעמבערס |
|---|---|
| פון 18 ביז 25 יאהר | 3 |
| פון 26 ביז 30 יאהר | 11 |
| פון 31 ביז 35 יאהר | 8 |
| העכער פון 40 יאהר | 5 |
| פון 36 ביז 40 יאהר | 8 |
| טאטאל | 35 |

| | |
|---|---|
| פארהייראט | 32 |
| אונפארהייראט | 3 |
| טאטאל | 35 |

| | |
|---|---|
| מענער | 35 |
| טאטאל | 35 |

ווי לאנג זיי זיינען געווען מעמבערס אין ארבייטער רינג ווען זיי זיינען געווארען קראנק

| צייט | צאהל מעמבערס |
|---|---|
| ווענינער פון איין יאהר | 8 |
| צווישען 1 יאהר און 2 יאהר | 7 |
| צווישען 2 יאהר און 3 יאהר | 3 |
| צווישען 4 יאהר און 5 יאהר | 2 |
| צווישען 5 יאהר און 6 יאהר | 3 |
| צווישען 6 יאהר און 7 יאהר | 2 |
| צווישען 7 יאהר און 8 יאהר | 1 |
| צווישען 8 יאהר און 9 יאהר | 3 |
| צווישען 9 יאהר און 10 יאהר | 2 |
| צווישען 10 יאהר און 11 יאהר | 1 |
| צווישען 11 יאהר און 12 יאהר | 2 |
| צווישען 17 יאהר און 18 יאהר | 1 |
| טאטאל | 35 |

לויט זייער באשעפטיגונג ווערען זיי איינגעטיילט ווי פאלגט

| באשעפטיגונג | צאהל מעמבערס |
|---|---|
| אגענט | 1 |
| אפערייטארס | 3 |
| בראשמייקער | 1 |
| בוכבינדער | 1 |
| גלאזער | . |
| דראגיסט | 1 |
| וויימער | 1 |
| לייבארער | 1 |
| מילינער | 1 |
| מאשיניסט | 2 |
| ספאנדזשער | 1 |
| פוהרמאן | 1 |
| פיינטערס | 5 |
| פעדלער | 1 |
| קאטער | 1 |
| קארפענטערס | 4 |
| קלאוקמייקער | 1 |
| קעפמייקער | 1 |
| שוסטער | 1 |
| שניידערס | 6 |
| טאטאל | 35 |

## קראנקען בענעפיט אויסגעצאהלט צו מעמבערס עט לארדזש אין יאהר 1918

| קווארטאל נומער | צאהל מעמבערס קלאס 1, 2 און 4 | קראנקען בענעפיט אויסגעצאהלט | איינגעצאהלט צום קראנקען בענעפיט פאנד | קראנקען בענעפיט דורכשניט פער מעמבער |
|---|---|---|---|---|
| 70 | 1082 | $1155. | $ 973.80 | $1.07 |
| 71 | 1113 | 801. | 1,001.70 | .72 |
| 72 | 1161 | 816. | 1,044.90 | .70 |
| 73 | 1166 | 1659. | 1,049.40 | 1.42 |
| טאטאל — | —— | $4431. | $4,069.80 | $3.91 |
| דורכשניט פער קווארט. | —— | $1,107 75 | $1,017.45 | $.9775 |

…בראנקיטיס, פּיוריסי, ניומאניע און טובערקולאזיס 6911 מעמבערס

די עלטער פון דיעזע קראנקע מעמבערס און דער פראצענט פון דער זעלביגער עלטער פון דער גאנצער מעמבערשיפּ איז אנגעגעבען אין דער פאלגענדער טאבעלע

| עלטער | צאהל מעמבערס | אינפלוענציע: קראנקע מעמבערס, צאהל | אינפלוענציע: % | אינפלוענציע: צאהל וואכען באצאהלט | אינפלוענציע: סומע | בראנקיטיס: קראנקע מעמבערס, צאהל | בראנקיטיס: % | בראנקיטיס: צאהל וואכען געצאהלט, $6.00 א וו. | בראנקיטיס: $3.00 א וו. | בראנקיטיס: סומע | פּיוריסי: מעמבערס קראנקע, צאהל | פּיוריסי: % | פּיוריסי: צאהל וואכען געצאהלט, $6.00 א וו. | פּיוריסי: $3.00 א וו. | פּיוריסי: סומע | ניומאניע: קראנקע מעמבערס, צאהל | ניומאניע: % | ניומאניע: צאהל וואכען באצאהלט | ניומאניע: סומע | טובערקולאזיס: קראנקע מעמבערס, צאהל | טובערקולאזיס: % | טובערקולאזיס: צאהל וואכען אויסגעצאהלט, $6.00 א וו. | טובערקולאזיס: $3.00 א וו. | טובערקולאזיס: סומע |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 18 | 40 | 6 | 15.0 | 11 | 66 | 1 | 2.5 | 1 | — | 6 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — |
| 19 | 125 | 13 | 10.4 | 29 | 174 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — |
| 20 | 374 | 44 | 11.8 | 85 | 510 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 1 | 0.3 | 11 | 66 | — | — | — | — | — |
| 21 | 708 | 74 | 10.5 | 159 | 954 | 4 | 0.6 | 6 | — | 36 | 1 | 0.1 | 13 | — | 78 | 4 | 0.6 | 17 | 102 | 1 | 0.1 | 15 | — | 90 |
| 22 | 1110 | 131 | 11.8 | 247 | 1482 | 8 | 0.7 | 24 | — | 144 | — | — | — | — | — | 4 | 0.4 | 26 | 156 | 5 | 0.4 | 49 | 10 | 324 |
| 23 | 1601 | 172 | 10.7 | 332 | 1992 | 5 | 0.3 | 8 | — | 48 | 1 | 0.1 | 2 | — | 12 | 5 | 0.3 | 39 | 234 | 6 | 0.4 | 39 | 15 | 279 |
| 24 | 1989 | 218 | 10.9 | 389 | 2334 | 12 | 0.6 | 23 | — | 138 | 2 | 0.1 | 5 | — | 30 | 15 | 0.8 | 93 | 558 | 11 | 0.6 | 81 | 25 | 561 |
| 25 | 2535 | 304 | 12.0 | 644 | 3864 | 18 | 0.7 | 28 | — | 168 | 5 | 0.2 | 8 | — | 48 | 15 | 0.6 | 77 | 462 | 22 | 0.9 | 151 | 67 | 1107 |
| 26 | 2550 | 311 | 12.2 | 612 | 3672 | 17 | 0.7 | 29 | — | 174 | 3 | 0.1 | 12 | — | 72 | 7 | 0.3 | 30 | 180 | 10 | 0.4 | 104 | 4 | 636 |
| 27 | 2632 | 307 | 11.7 | 595 | 3570 | 14 | 0.5 | 25 | — | 150 | 6 | 0.2 | 22 | — | 132 | 19 | 0.7 | 67 | 402 | 14 | 0.5 | 133 | 27 | 879 |
| 28 | 2977 | 405 | 13.6 | 788 | 4728 | 18 | 0.6 | 35 | — | 210 | 5 | 0.2 | 19 | — | 114 | 10 | 0.3 | 45 | 270 | 11 | 0.4 | 33 | 82 | 444 |
| 29 | 3410 | 409 | 12.0 | 650 | 3900 | 17 | 0.5 | 31 | 1 | 189 | 5 | 0.1 | 15 | 1 | 93 | 24 | 0.7 | 148 | 888 | 13 | 0.4 | 110 | 43 | 789 |
| 30 | 3475 | 407 | 11.7 | 890 | 5340 | 23 | 0.7 | 37 | 2 | 228 | 5 | 0.1 | 18 | — | 108 | 15 | 0.4 | 57 | 342 | 16 | 0.5 | 131 | 33 | 885 |
| 31 | 3480 | 401 | 11.5 | 743 | 4458 | 22 | 0.6 | 56 | 2 | 342 | 4 | 0.1 | 16 | — | 96 | 16 | 0.5 | 78 | 468 | 20 | 0.6 | 84 | 101 | 807 |
| 32 | 3499 | 374 | 16.8 | 667 | 4002 | 24 | 0.7 | 31 | — | 186 | 3 | 0.1 | 4 | — | 24 | 16 | 0.5 | 86 | 516 | 18 | 0.5 | 100 | 67 | 801 |
| 33 | 3470 | 372 | 10.7 | 672 | 4032 | 19 | 0.5 | 32 | — | 192 | 4 | 0.1 | 8 | — | 48 | 19 | 0.5 | 90 | 540 | 16 | 0.5 | 101 | 49 | 753 |
| 34 | 3063 | 311 | 10.2 | 575 | 3450 | 21 | 0.6 | 49 | — | 294 | 4 | 0.1 | 4 | — | 24 | 7 | 0.2 | 24 | 144 | 9 | 0.3 | 56 | 20 | 396 |
| 35 | 2728 | 294 | 10.8 | 541 | 3246 | 13 | 0.5 | 35 | — | 210 | 2 | 0.1 | 3 | — | 18 | 16 | 0.6 | 61 | 366 | 24 | 0.9 | 143 | 93 | 1137 |
| 36 | 2565 | 237 | 9.4 | 434 | 2604 | 13 | 0.5 | 21 | — | 126 | 4 | 0.2 | 18 | — | 108 | 4 | 0.2 | 18 | 108 | 11 | 0.4 | 75 | 18 | 504 |
| 37 | 2169 | 196 | 9.0 | 378 | 2268 | 17 | 0.8 | 38 | — | 228 | 3 | 0.1 | 17 | — | 102 | 7 | 0.3 | 31 | 186 | 7 | 0.3 | 70 | 9 | 447 |
| 38 | 2245 | 190 | 8.5 | 393 | 2358 | 17 | 0.8 | 42 | 8 | 276 | 4 | 0.2 | 8 | — | 48 | 9 | 0.4 | 45 | 270 | 8 | 0.4 | 38 | 34 | 330 |
| 39 | 1756 | 164 | 9.3 | 316 | 1896 | 8 | 0.5 | 21 | — | 126 | 2 | 0.1 | 3 | — | 18 | 9 | 0.5 | 45 | 270 | 9 | 0.5 | 89 | 19 | 591 |
| 40 | 1535 | 130 | 8.5 | 243 | 1458 | 10 | 0.7 | 16 | 1 | 99 | 1 | 0.1 | 2 | — | 12 | 5 | 0.3 | 25 | 150 | 10 | 0.7 | 67 | 19 | 459 |
| 41 | 1218 | 102 | 8.4 | 211 | 1266 | 10 | 0.8 | 15 | 1 | 93 | 4 | 0.3 | 17 | — | 102 | 4 | 0.3 | 14 | 84 | 5 | 0.4 | 22 | 4 | 144 |
| 42 | 1070 | 83 | 7.8 | 146 | 876 | 5 | 0.5 | 11 | — | 66 | 2 | 0.2 | 1 | 8 | 30 | 4 | 0.4 | 43 | 258 | 7 | 0.7 | 48 | 39 | 405 |
| 43 | 860 | 63 | 7.3 | 122 | 732 | 6 | 0.7 | 14 | — | 84 | — | — | — | — | — | 6 | 0.7 | 27 | 162 | 5 | 0.6 | 24 | 17 | 195 |
| 44 | 702 | 56 | 8.0 | 129 | 774 | 5 | 0.7 | 13 | — | 78 | 1 | 0.1 | 1 | — | 42 | 2 | 0.3 | 11 | 66 | 4 | 0.5 | 9 | 17 | 105 |
| 45 | 602 | 50 | 8.3 | 129 | 570 | 5 | 0.8 | 12 | — | 72 | — | — | — | — | — | 1 | 0.2 | 1 | 6 | 2 | 0.3 | — | 22 | 66 |
| 46 | 465 | 42 | 9.0 | 76 | 456 | 7 | 1.5 | 17 | — | 102 | — | — | — | — | — | 1 | 0.2 | 7 | 42 | — | — | — | — | — |
| 47 | 367 | 28 | 7.6 | 68 | 408 | 6 | 1.6 | 23 | 1 | 141 | 2 | 0.5 | 10 | — | 62 | 2 | 0.5 | 9 | 54 | 1 | 0.3 | 5 | — | 30 |
| 48 | 283 | 23 | 8.1 | 43 | 258 | 2 | 0.7 | 6 | — | 36 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 3 | 1.1 | 25 | 13 | 189 |
| 49 | 193 | 16 | 8.7 | 29 | 174 | 2 | 1.0 | 1 | 6 | 24 | — | — | — | — | — | 2 | 1.0 | 7 | 42 | — | — | — | — | — |
| 50 | 158 | 7 | 4.4 | 9 | 54 | 2 | 1.3 | 15 | -- | 90 | 1 | 0.6 | 2 | — | 12 | 1 | 0.6 | 6 | 36 | — | — | — | — | — |
| 51 | 108 | 6 | 5.6 | 16 | 96 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 1 | 0.9 | 5 | — | 30 |
| 52 | 95 | 7 | 7.4 | 10 | 60 | 2 | 2.1 | 4 | — | 24 | — | — | — | — | — | 1 | 1.1 | 3 | 18 | — | — | — | — | — |
| 53 | 70 | 4 | 5.7 | 12 | 72 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 2 | 2.9 | 11 | — | 66 |
| 54 | 41 | 2 | 4.9 | 3 | 18 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — |
| 55 | 32 | 1 | 3.1 | 1 | 6 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — |
| 56 | 10 | 1 | 10.0 | 2 | 12 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — |
| 60 | 1 | 1 | 100.0 | 2 | 12 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — |
| טאטאל | 56311 | 5962 | | 11367 | 68202 | 353 | | 719 | 22 | 4380 | 74 | | 234 | 9 | 1431 | 251 | | 1241 | 7446 | 271 | | 1818 | 847 | 13449 |

# דעלעגאטען צו דער ניינצעהנטער קאנווענשאן פון ארבייטער רינג

## ניו יארק טעריטאריע

י. ישורין — — ברענטש 200
נ. פיינערמאן " 165
ל. דינערשטיין " 99
י. וויינבערג — " 2
ל. ראטהמאן — " 195
ב. וואלאוויטץ " 43
מ. פערלאוויטץ " 280
מ. וואלבערג — " 82
א. ארלער — — " 510
א. לאנגער — " 354
כ. איוועגסקי — " 194
פ. יודיטש — " 407
ס. נודעלמאן — " 275
א. באק — — " 28
ב. קרינסיק — " 231
וו. באקסט — " 543
י. קלופט — — " 150
ה. זאלצמאן — " 286
ר. נעבאמקין — " 500
מ. גערשאנאוו " 132
י. סילווערמאן " 602
פ. עבעריל — " 346
מ. דאווידאוו " 368
ס. וואלאס — " 75
איז. קאהען — " 100
ס. יאקאבי — " 93
ל. אלטמאן — " 455
ז. שפייער — " 210
ב. לעוויטאן — " 600

א. גוטמאן — ברענטש 68
מ. שפינראד — " 241
ס. הייפערלינג " 439
מ. נימקאווסקי " 5
ל. גאלינסקי — " 146
ב. באטווינִיק " 428
ר. קורהאן — " 36
דזש. ראטהמאן " 70
י. גאלד — — " 8
ד. קאטץ — — " 367
ס. סילווערבערג " 87
ל. ביילין — — " 608
י. האכמאן — " 49
נ. פילאט — — " 1
כ. פערלשטיין " 461
מ. גרינשפאן " 507
מ. ס. מאלאט " 183
דז. מ. ראזענבלאט " 539
ד. פרידלאנד " 206
מ. מאלאט — " 580
וו. הערמאן — " 233
מ. מאנדעל — " 225
מ. זייעץ — — " 64
פ. פרידבערג " 164
פ. קאפלאוויץ " 400
ה. זאק — — " 20
ס. יוראק — — " 11
מ. סודאקאוו — " 548
ס. מארגוליעס " 364

## פילאדעלפיא טעריטאריע

ה. טייטעלמאן, ברענטש 265
ר. בראגינסקי " 370
דזש. פריעדמאן " 372
דזש. טאליסמאן " 520
דזש. נאקאוויטץ " 521
ד. סאקאליק — " 575
א. הירשמאן — " 138
מ. סלוצקי — " 142
דזש. קליין — " 362
י. קליינמאן — " 398

## באלטימאר טעריטאריע

דזש. קארשינסקי — בר. 67
מייק בייער — — " 239
אב. קאוויטץ — " 289

## נוארק טעריטאריע

מ. געטצאוו — ברענטש 47
א. נעלסאן — " 256
פ. פיינבערג — " 107
ה. אויערבאך — " 23
י. שטיינבערג " 387

## שיקאגא טעריטאריע

ל. בענענסאן, ברענטש 162
מ. פארבער — " 127
י. קראוועטץ — " 385
דזש. פעדערמאן " 519
ל. גאלפערט — " 32
מ. לעווין — — " 176
מ. וויינריב — " 527
דזש. שור — — " 65

## דעטראיט טעריטאריע

ס. לעווענסאן, ברענטש 156
מ. וויניקאוו — " 599
דזש. ראזען — " 337

## פעטערסאן טעריטאריע

י. העריסאן — ברענטש 13
ה. ליפמאן — " 30
מ. טוירנער — " 192

## פיטסבורג טעריטאריע

י. ווייסבערג, ברענטש 45
א. ראבינסקי — " 250

## ניו הייווען טעריטאריע

מ. ליבמאן, ברענטש 493
ל. מארקעל — " 589

## הארטפארד טעריטאריע

סיגעל — — ברענטש 184
ערעלמאן — — " 15

## קליוולאנד טעריטאריע

ל. דזשאספער, ברענטש 463
י. וויניצקי — " 79

## האדסאן קאונטי טעריטאריע

ס. באסקין — ברענטש 198
ס. מאנסעט — " 59

## באפאלא טעריטאריע

י. גאלעמבא — ברענטש 413

## ראטשעסטער טעריטאריע

מ. האפמאן — ברענטש 152

## סיראקיוז טעריטאריע

מ. צימערמאן — ברענטש 19

## אלבאני טעריטאריע

ק. קאהען — ברענטש 342

## וועסטשעסטער קאונטי

מ. וואורם — ברענטש 116

## נארפאלק טעריטאריע

מ. מאסס — — ברענטש 313

## סינסינעטי טעריטאריע

נ. קאצמאן — ברענטש 202

## טרענטאן טעריטאריע

י. גראד — — ברענטש 90

## פראווידענס טעריטאריע

ב. דובינסקי — ברענטש 110

## סאוטה-וועסט טעריטאריע

דזש. רודניצקי — בר. 234

## סאוטה-איסט טעריטאריע

ה. סיימאנס — ברענטש 441

## וואטערבורי טעריטאריע

ה. סקלאר — ברענטש 159

## מינעאפאלים טעריטאריע

וו. בישאף — ברענטש 573

## מעין טעריטאריע

מארים אלפערט — בר. 558

## לאם אנדזשעלעס טעריטאריע

ה. סיימאן — ברענטש 248

## אלענטאון טעריטאריע

אב. פארמאן — בר. 112

## מאנטרעאל טעריטאריע

ב. רישיקאף — ברענטש 151

## קענזאס סיטי טעריטאריע

ס. ראפעליאק — בר. 483

## ברידזשפארט טעריטאריע

ש. גרינשפאן — בר. 397

## טאראנטא טעריטאריע

ס. עפשטיין — ברענטש 572

## מילוואקי טעריטאריע

י. קאראלינסקי — בר. 432

## אמאהא טעריטאריע

ל. קראפט — ברענטש 173

## פאקיפסי טעריטאריע

ת. פאראלסקי — בר. 487

## סט. לואים טעריטאריע

דזש. סרענקא — ברענטש 60

## וואשינגטאן טעריטאריע

מ. קיסליוק — ברענטש 92

# דעלעגאטען פון די פארוואלטונגס־קאמי־טעטען צו דער נייצעהנטער קאנווענשאן

פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע — — — — — — — — — — אב. עפשטיין

פון דער ארגאניזאציאנס קאמיטע — — — — — — — — — — א. דינערשטיין

פון דער אפיס קאמיטע — — — — — — — — — — — נ. פריימאן

פון דער בענעפיט קאמיטע — — — — — — — — — — מ. גאלדינג

פון דער סאניטאריום קאמיטע — — — — — — — — — — ר. גוסקין

פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע — — — — — — — — — דר. ב. האפמאן

פון דער גריווענס קאמיטע — — — — — — — — — — — מ. ווײנבלאט

פון דער נײשאנאל באארד און דירעקטארס — — — — — — — — מ. י. אשפיז

פון דער דזשענעראל מעדיקאל אדוויזערי באארד — — — — — — דר. ה. קלימענקא

פון דער סאניטאריום מעדיקאל אדוויזערי באארד — — — — דר. דזשוליוס האלפערן

פראטוירנאל דעלעגאטען

סעמעטערי און פיונעראל — — — — — — — — מיס אש, ל. בעצאהלער און ר. גינצבורג

לייבאר ליעג — — — — — — — — — — — — — — ס. יאנאס

# אפיס קאמיטע באריכט

אפיס קאמיטע באשטעהט פון: פר. מ. ראוויהאוו, בר. 2, סיטערמאן; פר. נ. פרייכאן, בר. 39, ווייס־טיטערמאן; דזש. ווײנבערג, בר. 2; מ. איווענסקי, בר. 194; מ. וואלבערג, בר. 82.

צו די דעלעגאטען פון דער 19טער יעהרליכער קאנווענשאן און צו אלע מעמבערס פון ארבייטער רינג.

ווערטע פריינדע:

די אפיס קאמיטע איז אוועקגעשטעלט אין אן אונגינסטי־גער לאגע דאמיט וואס די ברייטע מעמבערשיפ שענקט ווייניג אויפמערקזאמקייט צו די רוטינע פראגען, וועלכע ווערען ביי אונז פארהאנדעלט, און אפילו אויך צו די באשליסע, וועלכע מיר פאסען. ווי עס זאל אונז ניט זיין אונאנגענעהם, מוזען מיר זיך מודה זיין אויף די אפיס טעטיגקייט, אז זי איז ניט גענוג אינטערעסאנט פאר אונזערע מעמבערס. אזא זאכלאגע מוז ווירקליך באדויערט ווערען, ווייל אין דער ווירקליכקייט קאנ־צענטרירט דער אפיס די וויכטיגסטע ארבייט פון דער פארוואל־טונג. אבער ניט אלע מאל ווערט פארווירקליכט דאס וואס האט געדארפט זיין. ווי עס זאל ניט זיין, צי אונזערע מעמבערס אינטערעסירען זיך גענוג מיט אפיס אנגעלעגענהייטען, צי ניט, האבען מיר געטאן פון אונזער זייט אלעס צו באטראכטען די אפיס פראגען ערנסט. אין אונזער באריכט ווילען מיר באקאנט מאכען אונזערע מיטגליעדער ווי ווייט מיר האבען גערעכטפער־טיגט דעם צופארטרויען, וועלכען די מעמבערס פון ארב. רינג האבען אונז געשאנקען. זאלען די יעניגע, וועמען די אינטע־רעסען פון ארבייטער רינג זיינען נאהענט צום הארצען, אליין אורטיילען ווי מיר האבען אונזער אויפגאבע ערפילט.

## אונזערע סאב קאמיטעס

אזוי ווי אין פאריגען יאהר, האבען מיר זיך היינטיגס יאהר צוטיילט אין סאב קאמיטעס. די וויכטיגסטע סאב קאמיטע איז געווען די, וועלכע זעהט נאך דעם ארדער אף עקספענס. הגם מיר האבען ניט קיין וועטא־פאוער, איז אבער זעהר וויכטיג דאס וואס מיר פלעגען נאכזעהן יעדע אויסגאבע. ווען מיר זאלען געפינען אונבארעכטיגטע אויסגאבען, וואלטען מיר גע־קענט באריכטען די פאקטען צו דער דזשענעראל עקזעקוטיוו קא־מיטע. גליקליכערווייזע איז אונז פארגעקומען אין זעהר זעל־טענע פאלען צוריקהאלטען אונזער גוטהייסען פון די אויסגאבען. אין די ווייניג פעלע, וועלכע מיר האבען אפגעשטעלט די צאה־

לונגען, האָט זיך געהאַנדעלט וועגען פאַרשיעדענע שטעלונגען צו געוויסע אונוויכטיגע איינצעלהייטען, וועלכע פלעגען אָבער באַלד אויסגעגליכען ווערען אויף די מיטינגען פון דער דזשענעראַל עקזעקוטיוו צו אונזער צופריעדענהייט. און אין אונזער פּראַקטיס איז אונז דעם יאָהר קיינמאָל ניט אויסגעקומען צו פאַראורזאַכען אירגענד וועלכע סכסוכים. אייגענטליך דאַרפען די אויסגאַבען נאָכגעזעהן ווערען פון דער גאַנצער אָפיס קאָמיטע. אָבער מען דאַרף געבען קרעדיט וועמען עס קומט. די פריינדע דייווידאָף און פריימאַן פלעגען אין דיעזער הינזיכט לייסטען מעהר ווי אַלע. אויסער דיעזע וויכטיגע סאָב קאָמיטע האָבען מיר געהאַט אויך אַנדערע סאָב קאָמיטעען, וועלכע פלעגען דאַרפען זעהן אויב די געלדער, וועלכע עס קומען אריין אין אָפיס, ווערען דעפּאָזיטעט אין צייט, און אויך א סאָב קאָמיטע פאַר׳ן אוידיטינג דעפּאַרטמענט. פון צייט צו צייט פלעגט אויך אַפּאָינטעט ווערען צייטווייליגע קאָמיטעען פאַר מאַכען אינוועסטמענטס און פאַר פאַרשיעדענע אַנדערע צוועקען.

## דער אָפיס

אונזער אויפגאַבע איז צו האָבען אַן אויפזיכט איבער׳ן אָפיס. ווי דער אמת איז, איז דער אָפיס אין גאַנצען אונטער דער קאָנטראָל פון אונזער דזשענעראַל סעקרעטער, וועלכער איז אַליין פאַראַנטוואָרטליך פאַר דער פאַרוואַלטונג פון אָפיס. וואָס מיר קענען באַריכטען איז, ווי אונזערע איינדריקע זיינען פון די וועכענטליכע רעפּאָרטס וועגען אָפיס, וועלכע מיר מאַכען. אין אַלגעמיין קענען מיר זאָגען, דאָס לויט אונזער מיינונג איז דער אָפיס אין א גוטען צושטאַנד. היינטיגעס יאָהר באַזונדערס האָט דער אָפיס געהאַט שווערע אויפגאַבען פאַר זיך. דער יאָהר איז געווען א שווערערער צוליעב דער מגפה, וועלכע האָט געבושעוועט און צוליעב׳ן דרעפט, וועלכער האָט אָנגעריהרט א גרויסע צאָהל פון אונזערע מעמבערס. ווי איהר וועט ערפאַהרען פון אַנדערע באַריכטען, זיינען דעם יאָהר אויסגעצאָהלט געוואָרען אונגעהוירען סומען פאַר קראַנקען און טויטען בענעפיטס.

די אַרבייט וועלכע דער סיק בענעפיט דעפּאַרטמענט האָט געהאַט איז געווען אויסערגעוועהנליך. טויזענדע סערטיפיקייטס פלעגען אריינקומען וועכענטליך, וועלכע האָבען געדאַרפט געפּעסט ווערען אין אָפיס. עס האָט אויך געדאַרפט אַטענדעט ווערען צו הונדערטע טויטען־פעלע צוליעב דער עפּידעמיע. ווי יעדערער קען פאַרשטעהן, האָט אויך די אויסגלייכונג פון די געדרעפטעטע מעמבערס פאַרשלונגען א סך אַרבייט פון אָפיס סטעף. דערצו דאַרף מען אויך ניט פאַרגעסען, דאָס די פּראָטוירנאַל רייט סיסטעם האָט נאָך מעהר קאָמפּליצירט די לאַגע, און דערצו זיינען א פּאָר אָנגעשטעלטע פון אָפיס אַליין געדרעפטעט געוואָרען. אָבער טראָץ אַלע שוועריגקייטען האָט דער אָפיס ערפילט זעהר צופריעדענשטעלענד אַלע זיינע אויפגאַבען. אַלע שוועריגקייטען זיינען באַזייטיגט געוואָרען און די גאַנצע אַרבייט איז שוין יעצט כמעט ווי אַפּ־טו־דייט. עס מוז אויך באַמערקט ווערען, דאָס צוליעב דער עפּידעמיע האָט אין אָפיס פונקציאָנירט א מעדיקאַל קאָמיטע פאַר געבען די ערשטע הילף צו קראַנקע מעמבערס פון אַרב. רינג. דיעזע קאָמיטע האָט ווירקליך פיעל אויפגעטאָן פאַר אונזערע מעמבערס און אויך אויפגעהויבען דעם פּרעסטיזש פון אַרב. רינג, צייגענדיג אַז אונזער אָרדען אינטערעסירט זיך זעהר פיעל מיט וואוילזיין פון אונזער מעמבערשיפ.

## טעכנישע אויסבעסערונגען אין אָפיס אַרבייט

ניט קוקענדיג אויף אַלע שוועריגקייטען, וועלכע דער אָפיס האָט געהאַט איבערצוקומען, זיינען אויך געמאַכט געוואָרען פיעלע אויסבעסערונגען אין אָפיס אַרבייט. די לעדזשערס און די קעש־ביכער פון אָפיס זיינען איבערגעדרוקט געוואָרען מיט פיעלע אויסבעסערונגען, צופּאַסענדיג זיי צו דער נייער סיסטעם אין אָפיס. עס זיינען אויך איינגעפיהרט געוואָרען לוז ליעף רעקאָרדס, צו האָבען א בעסערע קאָנטראָלע איבער פּאָסטיידזש. עס איז אויך איינגעפיהרט געוואָרען א סיסטעם צו צאָהלען מיט דרעפטס די בענעפישערים, אום זיי זאָלען ניט דאַרפען אַליין פאָהרען אין אָפיס פאַר זייער געלד. ווי ווייט דיעזע רעפאָרמע איז וויכטיג קען מען זיך פאָרשטעלען ווען מען נעהמט אין אַנבאַטראַכט דאָס דער אַרב. רינג איז יעצט פאַרשפּרייט כמעט

אין אַלע סטייטס פון דער יוניאָן און אין קענעדע. אום צו האָבען א בעסערע פאַרבינדונג מיט די מעמבערס, זיינען אויך אין אָפיס איינגעפיהרט געוואָרען לעטער אָף אַקסעפּטענס. בכלל אַרבייטען אַלע דעפּאַרטמענטס, אונטער דער אויפזיכט פון סעק., האַרמאָניש און יעדער העד פון א דעפּאַרטמענט איז אויף זיין ריכטיגען פּלאַץ.

מיר ווילען פאַרבייגעהענדיג אויך באַמערקען, דאָס אויסער די פיערטעל־יעהרליכע אונטערזוכונגען פון אונזער אוידיטאָר פון אָפיס האָבען מיר היינטיגעס יאָהר געהאַט׳א ספּעציעלע אונטערזוכונג פון קאָמישיאָנער אָף אינשורענס, וועלכער האָט געגעבען א זעהר גינסטיגע מיינונג וועגען אונזערע רעקאָרדס און אָפיס סיסטעם בכלל.

## לעגאַליטעט

די אַרבייט פון אָפיס האָט זיך אויך פאַרגרעסערט צוליעב אונזער מיה צו מאַכען דעם אַרב. רינג געזעצליך איבער גאַנץ אַמעריקא. פון פאַרשיעדענע סטייטס פלעגען קומען פיעלע אָנפראַגען, וועלכע מען האָט געמוזט פּינקטליך אַטענדען. די אָנפראַגען זיינען געווען פאַרשיעדענאַרטיג און דאַריבער זיינען אויך די סטייטמענטס פון פאַרשידענאַרטיגער נאַטור. מיט צופריעדענהייט קענען מיר קאָנסטאַטירען די טאַטזאַכע דאָס אין פיעלע סטייטס און אויך אין קענעדע איז אונז געלונגען צו מאַכען דעם אַרב. רינג געזעצליך. מיר קענען האָפען דאָס אין גיכען וועלען אַלע שוועריגקייטען באַזייטיגט ווערען און אַרבייטער רינג ברענטשעס וועלען קענען געזעצליך געגרינדעט ווערען וואו עס זיינען נאָר דאָ אידישע אַרבייטער.

## וואָלטס פאַר אַרבייטער רינג ברענטשעס

א סך אַרבייטער רינג ברענטשעס האָבען אינוועסטעט זייער געלד אין ליבערטי באָנדס. עס האָט זיך אַרויסגעצייגט, דאָס פיעלע ברענטשעס האָבען אויך אַנדערע ווערטה־פּאַפּיערען און זיי האָבען ניט קיין מעגליכקייט צו האַלטען זיי אין א זיכערען פּלאַץ. אום צו פאַרהיטען די ברענטשעס פון היזקות האָבען מיר איינגעפיהרט א סייפעטי וואָלט ספּעציעל פאַר ברענטשעס. עס איז אויסגעאַרבייט געוואָרען א סיסטעם ווי אַזוי צו דעפּאָנירען די ווערטהפולע פּאַפּיערען און אַנדערע זאַכען און אויך ווי אַזוי צו קאָלעקטען די אינטערעסט פון די פעליגע קופּאָנס. דער דזשענ. סעק. האָט די וואָלטס אונטער זיין אויפזיכט און גיט אויך אַרויס ספּעציעלע רעסיטס צו די בעאַמטע פון די ברענטשעס.

## דאָס געהאַלט פון די אָפיס אָנגעשטעלטע

צוליעב דעם אונגעהויערען יקרות אויף לעבענסמיטעל האָט די אָפיס קאָמיטע באַלד נאָך איהר אינסטאַלירען אַליין אויף איהר איניציאַטיווע באַשלאָסען צו העכערען די געהאַלט פון אַלע אָפיס אָנגעשטעלטע אין מיטען יאָהר. מיר זיינען אַליין אַרבייטער און וויסענדיג וואָס דער יקרות מיינט פאַר אַן אַרבייטער בודזשעט האָבען מיר, ווי מיר גלויבען, געהאַנדעלט אין פולען איינקלאַנג מיט דעם גייסט פון אונזער אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע איז דורכאויס אַן אַרבייטער־אָרגאַניזאַציאָן, ווען מיר האָבען גענומען אין אַנבאַטראַכט די לאַגע פון אונזערע אָנגעשטעלטע. מיר האָבען באַשלאָסען צו העכערען אַלע אָנגעשטעלטע, אויסער די געוועהנליכע העכערונג, וועלכע מיר מאַכען געוועהנליך יעדעס יאָהר.

## די פאַרוואַלטונגס קאָסטען

ווי איהר וועט זעהן פון דער פאַרגלייכונגס־טאַבעלע וועגען פאַרוואַלטונג קאָסטען, קענט איהר זיך לייכט איבערציינגען, דאָס ניט נעהמענדיג אין אַנבאַטראַכט די פּראָטוירנאַל רייטס קאָמיטע, וועלכע איז בלויז געווען צייטווייליג, האָבען זיך אונזערע פאַרוואַלטונגס־קאָסטען פאַרמעהרט מיט $8303.64, וועלכע מאַכט אויס פון דער אַלגעמיינער סומע פון $36,324.49 גענויע 22.91 פּראָצענט העכער ווי לעצטען יאָהר. מיר דאַרפען ניט אָנווייזען, גלויבען מיר, אויף די אורזאַכען. דער קאָסט האָט זיך פאַרמעהרט צוליעב׳ן אַלגעמיינעם יקרות און אויך ווייל דער אַרבייטער רינג האָט זיך פאַרגרעסערט.

מיר ווילען דאָ איבערגעבען די ציפערען ווי זיי זיינען און די מעמבערס וועלען אַליין קענען ציהען שליסע.

## פארגלייכונגס טאבעלע פון פארוואלטונגס-קאסטען

| | דזשון אפריל 1917—18 | 1919-1918 | פארקלענ. | פארגרעסערט |
|---|---|---|---|---|
| רענט — — — — — — — — | $ 1,757,81 | $ 1,990.00 | | 23,219 |
| סאלאריס — — — — — — — | 13,669.28 | 16,832.82 | | 3,163.54 |
| פארשיערענע אפיס אויסגאבען — | 766.49 | 1,636.20 | | 869.71 |
| פאסטיידזש — — — — — — | 1,627.06 | 1,683.73 | | 56.67 |
| פרינטינג און סטיישאנערי — — | 1,755.62 | 2,121.39 | | 365.77 |
| אדווערטייזעמענטס — — — — | 911.23 | 1,188.75 | | 277.52 |
| טעלעפאן און טעלעגראמס — — | 311.45 | 335.26 | | 23.81 |
| באלייכטונג — — — — — — | 175.03 | 192.67 | | 17.64 |
| אוידיטינג און עקטשוערי — — — | 925.00 | 1,033.89 | | 108.89 |
| דזשענעראל אדמיניסטריישאן — | 1,199.98 | 2,213.81 | | 1,013.83 |
| ליגעל סירוויס — — — — — — | 850.00 | 2,083.91 | | 1,233.91 |
| נאצ. באארד און, דירעקטארס — | 1,475.93 | 1,801.38 | | 325.45 |
| אוידיטינג דעפארטמענט — — — | 1,180.00 | 1,617.59 | | 437.59 |
| קאמיטעס — — — — — — — | 1,415.97 | 1,593.09 | | 177.12 |
| פראטוירנאל רייט קאמיטע — — | 1,074.95 | ——— | 1,074.95 | ——— |
| טאטאל — — — | $29,095.80 | $36,324.49 | 1,074.95 | $8,303.64 |

## דער אוידיטינג דעפארטמענט

דער אוידיטינג דעפארטמענט איז געבליבען דיעזען יאהר, לויט נאך דעם באשלוס פון קאנווענשאן, ניט נאר צו אונטערזוכען די סטייטמענטס, וועלכע זיינען פארפערטיגט געווארען מיט דער מיטווירקונג פון פר. איוועוסקי, נאר אויך צו אונטערזוכען די ברענטש-ביכער. וועהרענד לעצטען יאהר האבען געארבייט אין דיעזען דעפארטמענט איינער א גאנץ יאהר און דער צווייטער 7 מאנאטען, האט דער דעפארטמענט בלויז געהאט 4 מאנאטען 2 אנגעשטעלטע און די איבריגע צייט האט געארבייט בלויז איינער. מיר האבען אנגעשטעלט אין דיעזען דעפארטמענט א פראפעסיאנעלען אוידיטאר, וועלכער איז געווען פריהער פארבונדען מיט א פירמע פון סוירטיפייעד פאבליק אקאונטענטס, א מעמבער פון ארב. רינג, וועלכער איז באקאנט מיט ברענטש בוכפיהרונג אויך. דער צווייטער, האבענדיג לאנגיעהריגע עקספּירענס און זייענדיג גענוי באקאנט מיט די פראקטישע אנגעלעגענהייטען פון ברענטשעס, איז געבליבען דערזעלבער ווי לעצטען יאהר. אין די פראקטים פון אוידיטען די ברענטש-ביכער האבען זיך ארויסגעוויזען פיעלע אונרעגעלמעסיגקייטען און אויך פאלשקייטען און מאנכע ברענטשעס זיינען נערעטעט געווארען פון זיכערען אונטערגאנג. מיר גיבען דא איבער א טאבעלע, וועלכע צייגט אן ניט נאר די צאהל פון ברענטשעס און די צאהל פון קווארטאלען אונטערזוכט, אבער אויך וועלכע ברענטשעס און די גרוים פון זייער מעמבערשיפּ, אום די מעמבערס זאלען קענען אורטיילען פון דער אומפאנג פון דער ארבייט.

אין פארגלייך מיט לעצטען יאהר, אין וועלכען א גרעסערע טייל פון יאהר זיינען געווען באשעפטיגט צוויי, קענען מיר פארצייכענען פארשריט. דער דורכשניט פון אונטערזוכטע ברענטשעס איז געווען לעצטען יאהר 475 קוו. און הייינטיגס יאהר, ווען בלויז 4 מאנאטען האבען געארבייט צוויי, 463 קוו. דער טאטאל פון די מעמבערס, וועלכע באלאנגען צו די אונטערזוכטע ברענטשעס, איז 23131.

| | |
|---|---|
| טאטאל פון ברענטשעס אונטערזוכט — — — | 176 |
| טאטאל פון קווארטאלס אונטערזוכט— — — | 463 |
| טאטאל איננאהמע אונטערזוכט — — — | $253,068.37 |
| טאטאל אויסגאבען אונטערזוכט — — — | $213,307.16 |
| טאטאל קעש באלאנס — — — — — — | $39,760.21 |

מען דארף ניט פארגעסען דאס די טאטאלס ווערען צוזאמענגעשטעלט פון זייערע קליינע אייטעמס און אז מען האט אויך הייינטיגס יאהר אונטערזוכט די סטייטמענטס פון די ברענטשעס.

וועגען די סטייטמענטס אין אלגעמיין קענען מיר זאגן, דאס פון פיעלע ברענטשעס האבען מיר באקומען דאנק-בריעף פאר דיעזער איינפיהרונג, ווי בר. 1, 15, 32 און 149 און נאך פיעלע ברענטשעס. מיר מוזען אבער זאגען, דאס ביז יעצט האבען בלויז 25% פראצענט ברענטשעס אריינגעשיקט די פינאנשיאל סטייטמענטס. און פון די אריינגעשיקטע קענען בלויז 38% פראצענט פאררעכענט ווערען פערפעקט, וועלכע צייגען, אז די ביכער זיינען אין בעסטען ארדנונג. די איבריגע סטייטמענטס זיינען ניט צופריעדענשטעלענד אויסגעפיהרט. ווי טרויעריג די טאטזאכע זאל ניט זיין מוז מען מודה זיין, אז די ברענטש סעקרעטערע פארשטעהען גאנץ וועניג ווי צו פיהרען די ביכער סיסטעמאטיש. אבער טראץ דעם מיסערפאלג, דענקען מיר דאך דאס די סטייטמענטס זאלען אנגעהאלטען ווערען. די סטייטמענטס ברענגען וועניגסטענס דיעזע נוצען דאס די ברענטש סעקרעטערע זיינען מעהר פארזיכטיג מיט זייערע ביכער. אין מאנכע פעלע דיענען די סטייטמענטס אלס באוויז, דאס די ביכער ווערען ניט געפיהרט ריכטיג און מען פאדערט טאקע די ביכער אין אפיס. עס איז נאטירליך, דאס א רעפארמע ווי די סטייטמענטס קען ניט פארווירקליכט ווערען אין איין יאהר. די הויפטזאך איז דאס עס זאלען אנגענומען ווערען שריטע צו צווינגען אלע ברענטשעס אהן אויסנאהמע אריינצושיקען סטייטמענטס. יעצט שיקען אריין די ביכער ווי די סטייטמענטס די בעסערע סעקרעטערע. מען קען זיך פארשטעלען דאס אין די ברענטשעס, וועלכע אינפארמירען נישט דעם אפיס פון זייער טעטיגקייט, הערשען פיעלע אונרעגעלמעסינקייטען.

## אינוועסטמענטס

וועגען אינוועסטמענטס פון ארבייטער רינג געלדער ווילען מיר באריכטען, דאס ליידער האבען מיר הייינטיגס יאהר ניט געהאט קיין גרויסען איבערפלוס פון קעש. די גרויסע אויסצאהלונגען, וועלכע מיר האבען געמאכט אין בענעפיט, פלעגען פארשלינגען כמעט די גאנצע קעש, וועלכע מיר פלעגען קריגען פון ברענטשעס אויף זייערע רעכנונגען. צייטענווייז האט אויך געהאלטען, דאס מיר פלעגען געצוואונגען זיין צו מאכען דערווייליגע הלוואות אום צו דעקען די לויפענדע עקספענסעס. און דאך זיינען אויך דיעזען יאהר געמאכט געווארען וויכטיגע אינוועסטמענטס. דורכ'ן יאהר האבען מיר געקויפט:

דעם 13טען דזשון — — $15,000 ליבערטי באנדס.
דעם 11טען דזשולאי — $33,500 ליבערטי באנדס.

מיר האבען אויך געמאכט אינוועסטמענטס אין גאראנטירטע מארטגיידזשעס, לויט דעם באשלוס פון דער 17טער קאנווענשאן, אויף דער סומע פון $42,500. דיעזע באנדס גיבען אונז אין אלגעמיין גרעסערע אינטערעסט און, ווי מיר גלויבען, וועט זיך לוינען פאר'ן ארבייטער רינג צו מאכען נאך אזוינע אינוועסטמענטס.

### מעמבערשיפ ביז 50

| ברענטש נומער | אנגעשלאסענע מעמבערס | באלאנס קעש |
|---|---|---|
| 428 | 3 | 34.04 |
| 341 | 5 | 9.30 |
| 520 | 4 | 72.37 |
| 141 | 1 | 68.12 |
| 578 | 2 | 22.00 |
| 573 | 3 | 19.59 |
| 102 | 3 | 72.50 |
| 416 | 2 | 73.26 |
| 104 | 2 | 49.80 |
| 270 | 2 | 21.09 |
| 468 | 2 | 59.04 |
| 222 | 2 | 18.41 |
| 202 | 2 | 26.92 |
| 565 | 6 | 19.67 |
| 130 | 6 | 83.70 |
| 230 | 2 | 238.50 |
| 489 | 4 | 14.55 |
| 174 | 4 | 84.37 |
| 237 | 6 | 132.97 |
| 108 | 2 | —— |
| 428 | 4 | 91.52 |
| 223 | 2 | 70.41 |
| 22 | 69 | 1,282.13 |

### מעמבערשיפ ביז 100

| ברענטש נומער | אנגעשלאסענע מעמבערס | באלאנס קעש |
|---|---|---|
| 869 | 2 | 305.15 |
| 57 | 3 | 124.38 |
| 478 | 2 | 5.70 |
| 810 | 2 | 15.20 |
| 819 | 2 | 42.48 |
| 205 | 2 | 107.05 |
| 873 | 8 | 46.17 |
| 333 | 2 | 325.51 |
| 898 | 2 | 33.56 |
| 498 | 2 | 89.68 |
| 419 | 2 | 15.85 |
| 170 | 2 | 88.07 |
| 148 | 7 | 819.72 |
| 89 | 4 | 163.90 |
| 442 | 8 | 548.87 |
| 509 | 2 | 292.84 |
| 851 | 2 | 280.75 |
| 405 | 2 | 778.79 |
| 495 | 2 | 94.47 |
| 418 | 5 | 2.44 |
| 227 | 2 | 49.78 |
| 579 | 2 | 35.49 |
| 182 | 2 | 259.06 |
| 77 | 2 | 75.89 |
| 869 | 1 | 253.27 |
| 442 | 8 | 488.26 |
| 14 | 6 | —— |

### מעמבערשיפ ביז 100

| ברענטש נומער | אנגעשלאסענע מעמבערס | באלאנס קעש |
|---|---|---|
| 439 | 2 | 135.73 |
| 407 | 2 | 174.67 |
| 366 | 11 | 285.77 |
| 205 | 2 | 130.80 |
| 228 | 2 | 149.09 |
| 246 | 2 | 195.64 |
| 241 | 2 | 140.09 |
| 246 | 2 | 50.64 |
| 235 | 2 | 17.83 |
| 213 | 2 | 27.88 |
| 33 | 2 | 122.09 |
| 211 | 4 | 143.09 |
| 44 | 2 | 52.49 |
| 21 | 2 | 163.66 |
| 175 | 2 | 236.99 |
| 55 | 2 | 350.95 |
| 163 | 2 | 26.81 |
| 158 | 2 | 153.91 |
| 57 | 3 | 117.84 |
| 234 | 2 | 223.94 |
| 262 | 2 | 15.07 |
| 401 | 2 | 15.19 |
| 219 | 2 | 153.49 |
| 182 | 2 | 230.07 |
| 134 | 2 | 300.29 |
| 541 | 2 | 38.39 |
| 405 | 2 | 555.42 |
| 287 | 4 | 245.25 |
| 322 | 2 | 121.00 |
| 345 | 3 | 32.34 |
| 182 | 2 | 259.06 |
| 122 | 2 | —— |
| 309 | 2 | 298.84 |
| 344 | 2 | —— |
| 194 | 5 | —— |
| 62 | 159 | 9,949.58 |

### מעמבערשיפ ביז 150

| ברענטש נומער | אנגעשלאסענע מעמבערס | באלאנס קעש |
|---|---|---|
| 198 | 4 | 15.09 |
| 304 | 4 | 261.65 |
| 312 | 3 | 163.16 |
| 362 | 6 | 47.81 |
| 493 | 2 | 39.25 |
| 253 | 2 | 60.87 |
| 146 | 2 | 133.26 |
| 200 | 2 | 530.08 |
| 330 | 2 | 140.11 |
| 147 | 2 | 104.97 |
| 18 | 2 | 426.48 |
| 251 | 2 | 91.36 |
| 548 | 2 | 98.30 |
| 451 | 2 | 148.89 |

### מעמבערשיפ ביז 150

| ברענטש נומער | אנגעשלאסענע מעמבערס | באלאנס קעש |
|---|---|---|
| 261 | 2 | 399.98 |
| 346 | 4 | 412.00 |
| 484 | 2 | 16.47 |
| 417 | 2 | 230.32 |
| 40 | 2 | 304.68 |
| 264 | 2 | 24.76 |
| 66 | 3 | 312.80 |
| 132 | 1 | 122.59 |
| 139 | 1 | 2.17 |
| 36 | 3 | 350.49 |
| 207 | 2 | 455.60 |
| 200 | 2 | 533.83 |
| 65 | 2 | 36.59 |
| 224 | 2 | 368.64 |
| 10 | 3 | 275.31 |
| 8 | 2 | 35.40 |
| 112 | 2 | 192.34 |
| 486 | 2 | 95.83 |
| 570 | 2 | 503.53 |
| 198 | 4 | 97.43 |
| 147 | 2 | 261.47 |
| 312 | 3 | 139.91 |
| 110 | 2 | 124.33 |
| 183 | 2 | —— |
| 38 | 91 | 1,630.75 |

### מעמבערשיפ ביז 200

| ברענטש נומער | אנגעשלאסענע מעמבערס | באלאנס קעש |
|---|---|---|
| 324 | 2 | 483.53 |
| 320 | 2 | 1.63 |
| 501 | 2 | 273.84 |
| 113 | 2 | 87.97 |
| 301 | 2 | 508.15 |
| 434 | 3 | 433.38 |
| 282 | 2 | 212.25 |
| 135 | 2 | 352.57 |
| 133 | 11 | 496.36 |
| 115 | 3 | 567.65 |
| 106 | 2 | 184.70 |
| 519 | 4 | 82.44 |
| 107 | 2 | 44.52 |
| 113 | 2 | 689.89 |
| 62 | 5 | 445.00 |
| 301 | 2 | 279.69 |
| 142 | 2 | 133.53 |
| 51 | 2 | 270.56 |
| 98 | 2 | 309.35 |
| 155 | 2 | 896.44 |
| 166 | 3 | 184.80 |
| 54 | 2 | 31.62 |
| 53 | 2 | 186.02 |
| 23 | 63 | 7,156.09 |

### מעמבערשיפ ביז 300

| ברענטש נומער | אנגעשלאסענע מעמבערס | באלאנס קעש |
|---|---|---|
| 64 | 3 | 708.33 |
| 286 | 2 | 652.34 |
| 315 | 1 | 113.08 |
| 256 | 2 | 130.60 |
| 6 | 2 | 38.13 |
| 201 | 2 | 329.38 |
| 72 | 8 | 2,010.79 |
| 13 | 2 | 296.54 |
| 127 | 2 | 242.28 |
| 9 | 2 | 405.77 |
| 121 | 2 | 135.32 |
| 192 | 3 | 3.80 |
| 7 | 2 | 1,648.22 |
| 286 | 2 | 98.06 |
| 231 | 2 | 195.10 |
| 315 | 2 | 233.11 |
| 100 | 4 | 1,520.42 |
| 216 | 4 | 392.60 |
| 64 | 3 | 55.93 |
| 75 | 2 | 449.03 |
| 20 | 52 | 9,658.83 |

### מעמבערשיפ ביז 400

| ברענטש נומער | אנגעשלאסענע מעמבערס | באלאנס קעש |
|---|---|---|
| 23 | 2 | 31.60 |
| 240 | 2 | 123.14 |
| 79 | 6 | 967.56 |
| 1 | 1 | 523.51 |
| 90 | 4 | 201.64 |
| 43 | 4 | 111.71 |
| 225 | 2 | 232.84 |
| 7 | 21 | 2,160.40 |

### ביז 500 מעמבערס

| ברענטש נומער | אנגעשלאסענע מעמבערס | באלאנס קעש |
|---|---|---|
| 4 | 2 | 160.14 |
| 24 | 2 | 730.89 |
| 2 | 4 | 891.03 |

### ביז 600 מעמבערס

| ברענטש נומער | אנגעשלאסענע מעמבערס | באלאנס קעש |
|---|---|---|
| 3 | 2 | 569.78 |
| 3 | 2 | 550.29 |
| 2 | 4 | 1,120.07 |

## מעמבערשיפ ענטשיידונגען

מיר האָבען נעלאָזען דעם באַריכט וועגען מעמבערשיפ ענטשיידונגען צום ענדע, ווייל מיר דענקען, אַז די פעלע, איבער וועלכע עס איז אונז אויסגעקומען דיעזען יאָהר צו פאַרהאַנדלען, זיינען פון גרויס וויכטיגקייט. מיר האָבען זיך אָנגעשטויסען אויף אַ סך פעלע, פון וועלכע מיר האָבען געהאַט גרויסע אונאַנגענעהמליכקייטען. עס קומען אַרוים פיעלע מיספאַרשטענדניסע, וועלכע פאַרשאַפען טראָבעל מעמבערס און גיבען ניט קיין כבוד דעם אַרבייטער רינג אַלס אָרגאַניזאַציאָן.

מיר דענקען, דאָס דער פונקט וועגען אויפנעהמען און סוספענדירען מעמבערס וועט מוזען געמאַכט ווערען אַזוי קלאָר ווי מעגליך אום צו באַזייטיגען פיעלע איבלען.

באַזונדערס האָט אונז פיעל טראָבעל פאַרשאַפט די איינפיהרונג דאָס אַ מעמבער ווען ער צאָהלט איין ענדע קוואַרטאַל וועט ניט אויפגענומען ביז דעם נעקסטען קוואַרטאַל, אום צו פאַרשפּאָרען דעם מעמבער דיוס פאַר אַ קוואַרטאַל. אין פיער פעלע האָט דערווייל פאַסירט עקסידענטס מיט מעמבערס, וועלכע זיינען יאָ מעמבערס לויט דעם דייט ווען זיי האָבען איינגעצאָהלט אין אָפיס און אין דער ווירקליכקייט ניט קיין מעמבערס. אַ כאַראַקטעריסטישער פאַל איז די קיים מיט וואַרשאַווסקי פון בר. 501.

דער סעק. האָט איינגעצאָהלט פאַר וואַרשאַווסקי'ן דעם 21טען דעצ. 1918. וואַרשאַווסקי אָבער איז ניט גוטגעהייסען געוואָרען אַלס מעמבער ביז דעם 3טען יאַנואַר 1919. אונטערדעסען איז וואַרשאַווסקי געשטאָרבען דעם 2טען יאַנואַר. די יורשים, זייענדיג אונטער'ן איינדרוק דאָס וואַרשאַווסקי איז אַ מעמבער פון אַרב. רינג, זיינען נאַטירליך געקומען בעטען זיין בענעפיט. מיר האָבען זיך אָבער ניט געקענט העלפען. מיר האָבען ניט געוואָלט שטעלען אויף זיך אויסצוצאָהלען איינעם געלד, וועלכער איז ניט געווען געזעצליך אַ מעמבער פון אַרב. רינג און האָבען איבערגעגעבען די קיים צו אונזער ליגעל אַדווייזער, וועלכער האָט ענטשיעדען, דאָס אין דיעזען פאַל זאָל געמאַכט ווערען אַן אויסנאַהמע און די יורשים זאָלען קריגען דאָס געלד. איהר קענט זיך אָבער פאָרשטעלען ווי אונאַנגענעהם אַזאַ פאַל איז.

אויך אין דער הינזיכט פון שטרייכען מוזען געמאַכט ווערען ענדערונגען אין קאָנסטיטושאָן, אום צו פאַרמיידען צאָהלרייכע מיספאַרשטענדניסע און אונאַנגענעהמליכקייטען. די פעלע זיינען צופיעל אום מיר זאָלען קענען וועגען זיי באַריכטען.

די איבריגע אונזערע באַשליסע וועגען מעמבערשיפ קייסעס זיינען געווען לויט'ן רוטינעם אופן. מיר האָבען, צום ביישפּיעל, גע'פסק'ענט, דאָס אַ טעקס פון אַ ברענטש, אפילו ניט דירעקט פאַר ברענטש בענעפיט, מוז באַצאָהלט ווערען ביי אַלע מעמבערס. אין דיעזע פעלע, אין וועלכע די קאָנסטיטושאָן גיט אונז אַ רעכט צו סוספענדירען מעמבערס, האָבען מיר אַלע מאָל געהאַט אין זינען די אינטערעסען פון די איינצעלנע מעמבערס, אָבער אויך פון אונזער אָרגאַניזאַציאָן אַלס גאַנצע.

שלום

ווי איהר זעהט, האָבען מיר היינטיגס יאָהר אויך ניט געמאַכט קיין גרויסע איבערקעהרעניש, נאָר דאָך האָבען מיר ערנסט און איבערגעבען ערפילט אונזערע פליכטען. מיר נוצען אוים די געלעגענהייט צו באַדאַנקען די מעמבערס פאַר דעם צוטרויען, וועלכען זיי האָבען צו אונז געהאַט. מיר האָבען אורזאַכען צו גלויבען, אַז זיי האָבען זיך אין אונז ניט ענטוישט.

# באַריכט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע

ר. גוסקין, טשערמאַן. דזש. ראָטהמאַן, א. אַדלער, מ. פערלאָוויץ, אב. צוקער.

צו די דעלעגאַטען פון דער 19טער יעהרליכער קאָנווענשאָן און צו אַלע מעמבער'ס פון אַרבייטער רינג.

ווערטע פריינדע:

אונזער סאַניטאַריום איז יעצט אין זיין 10טען יאָהר פון עקזיסטענץ, און ווען מיר טרעטען צו צו דעם קאָנווענשאָן רעפּאָרט, קענען מיר מיט פולען באַוואוסטזיין און מיט שטאָלץ זאָגען, אַז מיר האָבען געטאָן אַלעס אין אונזערע קרעפטען צו העלפען מאַכען דעם סאַניטאַריום דאָס וואָס ער איז יעצט. אַז אונזער סאַניטאַריום איז אַן אַנגעזעהענער אַנשטאַלט צווישען די אינסטיטושאַנס פון זעלבען כאַראַקטער, איז אַ פעסטגעשטעלטער פאַקט. אונזער סאַניטאַריום האָט יעצט כמעט אַלע נייע אויסבעסערונגען וואָס זיינען נויטיג פאַר אַזאַ אַנשטאַלט.

ס'איז פאַר יעדען איינעם פאַרשטענדליך, אַז ס'איז ניט קיין לייכטע זאַך צו פאַרוואַלטען אַזאַ סאַניטאַריום ווי אונזערער. דאָס איז פאַרבונדען מיט פיעל פאַראַנטוואָרטליכקייט. דער סאַניטאַריום פאָדערט די שטענדיגע אויפמערקזאַמקייט פון די פאַרוואַלטער, צו זעהן אַז אַלעס זאָל זיין אין אָרדנונג. מיר, פון אונזער זייט, האָבען געטאָן אַלעס אין אונזערע קרעפטען, מיר האָבען ניט געזשאַלעוועט קיין צייט, מיה און ענערגיע צו זעהן, אַז ווען דער סאַניטאַריום וועט איבערגעגעבען ווערען צו דער נייער פאַרוואַלטונג, זאָל ער זיין אין אַ שעהנערען און בעסערען צושטאַנד ווי מיר האָבען איהם געפונען.

אונזער סאַניטאַריום פּראָגרעסירט אונאויפהערליך אין פאַרלויף פון דער צייט: אויסבעסערונגען ווערען כסדר געמאַכט, און מאַנכע פון די אויסבעסערונגען קען אַ זייטיגער מענש זאָגאַר ניט באַמערקען, אָבער פון די דאָזיגע קליינע אויסבעסערונגען שטאַמט די ענטוויקלונג פון אונזער אַנשטאַלט, וועלכער איז יעצט ניט בלויז אַ מוסטער פון דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג, נאָר אויך פאַר פיעלע אַנדערע סאַניטאַריומס.

### דער אויפהאַלטונגס פאָנד

א י י נ נ א ה מ ע :

| | |
|---|---|
| דיוס פון מעמבערס | $54,075.75 |
| אַראָפּרעכענענדיג דעם פאַרלוסט פון געשטראָכענע מעמבערס | 513.09 |
| בלייבט אַ נעט איינגאַהמע | $53,562.66 |
| פון דזשענעראַל אָפיס פאַר פּאַציענטען | 12,800.00 |
| פאַר שפּייז פּראָדוקטען | 2,908.55 |
| פון לייבאָר ליעג פּאַציענטען | 1,947.72 |
| עקסטראַ טשאַרדזשעס פאַר פּאַציענטען (לענגער פון 6 מאָנאַטען | 4,530.47 |
| סך הכל איינגאַהמע | $75,749.40 |
| אויסגאַבען | 82,754.28 |
| דעפיציט | $ 7,004.88 |
| באַלאַנס פון לעצטען יאָהר | 270.66 |
| בלייבט אַ דעפיציט אָנפאַנג 1919 פון | $ 6,734.22 |

### בילדינג פאָנד

א י י נ נ א ה מ ע :

| | |
|---|---|
| די איינגאַהמע פאַר דעם סאַניטאַריום בילדינג פאָנד איז געווען צו 10ס. אַ קוואַרטאַל פון די מעמבערס פון ערשטען צווייטען און פערטען קלאַס. דיוס פון מעמבערס | $21,630.30 |
| אַראָפּרעכענענדיג דעם פאַרלוסט פון געשטראָכענע מעמבערס | 212.12 |
| האָבען מיר אַ נעט איינקונפט פון דיוס | $21,418.18 |
| פון דאָנייישאָנס | 20.00 |
| 10 פּראָצענט דעפּרישיאיישאַנס פון פוירניטשור און פיקסטשורס | 1,562.41 |
| סך הכל איינגאַהמע | $23,000.59 |

| | |
|---|---|
| באַלאַנס פון לעצטען יאָהר — — — — — — — | 1,028.74 |
| סך הכל — — — — — — — — — | $24,029.33 |
| אויסגאַבען — — — — — — — — — — | 9,169.13 |

ארונטערנעהמענדיג די אויסגאַבען פון די איינ־נאַהמען האָבען מיר אַלזאָ דיעזען יאָהר א באַ־לאַנס אינ'ם בילדינג פאָנד אויף דער סומע פון $14,860.20

פון די אויבען אָנגעגעבענע ציפערען וועט איהר זעהן, אַז דער בילדינג פאָנד האָט א סוירפּלוס פון $14,860.20 און דער אויפהאַלטונגס פאָנד האָט א דעפיציט פון $6,734.22. לויט א באשלוס פון קאָנווענשאַן קען דער דעפיציט פון איין פאָנד גע־דעקט ווערען מיט דעם סוירפּלוס פון אַנדערען פאָנד. ארונ־טעררעכענענדיג $6,734.22 פון $14,860.20 בלייבט א סויר־פּלוס פון ביידע פאָנדס $8,125.98. לעצטען יאָהר האָט דער סוירפּלוס פון ביידע פאָנדס באַטראָפען $1,299.40. אין דער אויבערשטער טאַבעלע וועט איהר זעהן, אַז סך הכל אייננאַהמע פאַר דעם אויסהאַלטונגס פאָנד איז געווען $75,749.40, לעצטען יאָהר איז דער סך הכל איינגאַהמע פון דעם פאָנד געווען $64,315.40, דאָס הייסט דיעזען יאָהר איז די איינגאַהמע געווען מיט $11,434.00 מעהר. דער אונטערשיעד אין דער איינ־נאַהמע פון בילדינג פאָנד איז געווען אַן אונבאַדייטענדער.

עס איז כדאי אָנצודייטען, אַז אין דער צייט ווען שפּייז אַליין איז אין פאַרלויף פון יאָהר געשטיגען אויף 37.8 און דער אויפהאַלטונגס פאָנד איז געשטיגען בלויז אין 17.8, איז דאָך דער אַלגעמיינער פאָנד דעם יאָהר ניט נאָר ניט קלענער געוואָרען, נאָר האָט זיך באַדייטענד פאַרגרעסערט. די אור־זאַכע פון דער פאַרגרעסערונג פון אונזערע פאָנדס שטאַמט, ער־שטענס, וואָס מיר האָבען דיעזען יאָהר געהאַט דורכשניטליך א קלענערע צאָהל פאַציענטען ווי לעצטען יאָהר (זעה די טאַבעלע „פאַרגרעסערונג פון דורכשניטליכע טעגליכע אויסגאַבען און דורכשניטליכע פאַציענטען פער טאָג“). אין פאַרלויף פון 1917 איז געווען אין דורכשניט 64.8 פאַציענטען פער טאָג, און אין 1918 איז געווען אין דורכשניט 59.5 פער טאָג, און אויך א דאַנק דעם וואָס מיר האָבען זיך געסטאַרעט צו זיין אַזוי עקאָ־נאָמיש ווי מעגליך. אונזער עקאָנאָמיע איז אָבער פּ:ר קיין פאַל ניט געשטאַנען אין ענטזאַגען אירגענד וואָס די פאַציענטען — סיי אין עסען, סיי אין באַקוועמליכקייטען.

אין פאַרגלייך מיט דעם היינטיגען יקרות, איז דער פער קאַפּיטאַ פון אויפהאַלטען א פאַציענט ניט פיעל געשטיגען אין פאַרגלייך מיט לעצטען יאָהר. ווי די פאַרגלייכונגס־טאַבעלען פון די דורכשניטליכע אויסגאַבען צייגען, זיינען די אויסגאַבען פון אויפהאַלטען יעדען פאַציענט א טאָג געווען $3.05 אין 1917, $3.79 א טאָג אין פאַרלויף פון 1918. ד. ה. די צאָהל פאַ־ציענטען איז אין דורכשניט פאַרקלענערט געוואָרען אויף 8.2 פּראָצענט און די אויסגאַבען פער קעפּיטאַ זיינען פאַרגרעסערט געוואָרען אויף 24.3 פּראָצענט.

ווען מען נעהמט אין אַנבאַטראַכט ווי עס זיינען געשטיגען די פּרייזען אויף לעבענסמיטלען, — ניט אַכטענדיג דאַרויף וואָס מיר האָבען דיעזען יאָהר קיין ספּעציעלע געביידעס ניט גע־בויט, — קען מען דאָך האָבען א באַגריף, אַז אונזער אַדמיני־סטראַציאָן איז געווען גענוג עקאָנאָמיש. וואָס אַנבאַלאַנגט די פּאַציענטען אָבער, האָבען זיי, ווי אַלע מאָל, געקראָגען די פּריש־סטע פּראָדוקטען, און פון זיי איז קיין זאַך ניט געמינדערט געוואָרען.

## באַצאָהלטע פּאַציענטען

לויט איינעם פון די לעצטע קאָנווענשאַן באַשליסע, ווערען ביי אונז אין סאַניטאַריום אריינגענומען אַלס באַצאָהלטע פּאַ־ציענטען פרויען פון מעמבערס, וועלכע זיינען אַליין ניט קיין מיטגליעדער פון אַרבייטער רינג, ווי אויך קינדער פון מעמבערס אין דעם עלטער פון 16 ביז 20 יאָהר. אַז דער באַשלוס פון דער קאָנווענשאַן איז געווען א גרויסע הילף פאַר א טייל פון אונזערע מיטגליעדער, אויף וועמעס פרויען עס איז געפאַלען דער גורל צו ליידען פון דער פּראָלעטאַרישער קראַנקהייט, באַ־ווייזט דער פאַקט, דאָס אין פאַרלויף פון יאָהר זיינען געווען 30 באַצאָהלטע פּאַציענטען.

מיר האָבען אויך דיעזען יאָהר, מיט דער צושטימונג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע, באַשלאָסען אריינצו־נעהמען אַלס באַצאָהלטע פּאַציענטען פרויען פון מעמבערס פון לייבאָר ליעג.

ניט קוקענדיג וואָס לעבענסמיטלען און שכירות פון אָנגע־שטעלטע זיינען אין פאַרלויף פון יאָהר היבש געשטיגען, האָבען מיר דאָך ניט געהעכערט די צאָהלונגען פאַר באַצאָהלטע פּאַ־ציענטען, אום ניט צו מאַכען צו שווער פאַר א דורכשניטליכען אַרבייטער צו קענען אויפהאַלטען זיין פרוי אין סאַניטאַריום, ווען זי נויטיגט זיך אין דעם.

באַצאָהלטע פּאַציענטען צאָהלען יעצט, ווי פריהער, 15 דאָלאַר א וואָך. דאָס איז בלויז צו דעקען די אויסגאַבען פון אויפהאַלטען די פּאַציענטען, ניט רעכענענדיג די מעדיצינישע באַהאַנדלונגען און אַנדערע הוצאות וואָס זיינען דערמיט פאַר־בונדען. די באַדינגונגען פאַר באַצאָהלטע פּאַציענטען זיינען פאָלגענדע:

1) די פּאַציענטין מוז אונטערזוכט ווערען פון א דאָקטאָר ספּעציאַליסט אויף לונגען קראַנקהייט, וועלכער דאַרף אויספּילען א געוויסען מעדיקאַל רעפּאָרט בלענק.

2) דער מאַן פון דער פּאַציענטין אָדער דער ברענטש צו וועלכען דער מאַן באַלאַנגט, מוז איינצאָהלען פאַר איהר פאַר 4 וואָכען אין פאָראויס, און דער ברענטש דאַרף אויך שריפטליך גוטזאָגען, אַז ער איז פאַראַנטוואָרטליך פאַר דער איבריגער צייט וואָס דער באַצאָהלטער פּאַציענטין וועט אויסקומען צו זיין אין סאַניטאַריום נאָכ'ן טערמין וואָס איז פאַר איהר איינ־געצאָהלט געוואָרען.

3) אויב דער ברענטש אָדער דער מאַן פון דער פרוי וויל אַז זי זאָל ווייטער פאַרבלייבען אין סאַניטאַריום, דאַרף א נייע איינצאָהלונג געמאַכט ווערען מיט 8 טעג פריהער איידער עס ענדיגט זיך דער טערמין פאַר וועלכען ס'איז איינגעצאָהלט גע־וואָרען.

4) אין פאַל א באַצאָהלטע פּאַציענטין צייגט זיך ארויס צו זיין ניט פּאַסענד פאַר אונזער סאַניטאַריום, דאַרף דער ברענטש זיך פאַרפּליכטען זי ארויסצונעהמען צו יעדער צייט ווען עס ווערט באַשטימט פון אונזערע דאָקטוירים צוזאַמען מיט דער סאַניטאַריום קאָמיטע.

## טשיקען רענטש און פאַרם

ערשט דיעזען יאָהר האָט זיך דער טשיקען רענטש ארויס־געצייגט צו זיין אַן ערפאָלג. די טשיקען רענטש, ווי יעדע נייע אונטערנעהמונג, האָט זיך ענטוויקעלט שטופּענווייז און האָט אין פאַרלויף פון דיעזען יאָהר אַריינגעבראַכט א פּראָפיט פון $6,006.50. מיר האָבען יעצט אַרום 2600 טשיקענס, וועלכע ברענגען אַריין אין צייט פון סיזאָן אַרום 80—70 דאָזען אייער א טאָג. ניט נאָר גיט דאָס גענוג פרישע אייער און אייגענע טשיקענס פאַר דעם געברויך פון סאַניטאַריום, נאָר עס ווערט נאָך פאַרקויפט אויף א היבשע סומע אין פאַרלויף פון יאָהר. אין משך פון יאָהר 1918 איז אויסער די טשיקענס און אייער, וואָס זיינען פאַרברויכט געוואָרען אין סאַניטאַריום, אויך פאַר־קויפט געוואָרען אייער אויף דער סומע פון $2,808.67, און טשי־קענס פאַר $73.18.

פאַרשטענדליך, אַז מיר קוקען אויף דעם טשיקען רענטש ניט ווי אויף אַן אונטערנעהמונג וואָס דאַרף אריינברענגען א געוויסע איינקונפט, נאָר פאַר אונז האָט זי אַגרעסערען ווערטה דערמיט, וואָס מיר האָבען שטענדיג פרישע אייער און אייגענע טשיקענס פאַר די פּאַציענטען. מיר האָבען 2 אינקיובייטער אויוועגס. טשיקען קופּס און אַלע נויטיגע זאַכען פאַר א מאָדער־נעם טשיקען רענטש.

מיר האָבען אויך באַשלאָסען צו פאַרפלאַנצען 50 פלוימען־בוימער אַרום דעם טשיקען קופּ. דאָס איז געטאָן געוואָרען אויף דעם ראַטה פון עקספּערטען, וועלכע זיינען מיט דער מיינונג, אַז ס'איז נויטיג צו האָבען פאַר די טשיקענס בוימער, אונטער וועלכע זיי זאָלען זיך קענען באַשיצען פון רעגען אָדער פון דער זון.

די פאַרם ווערט בעאַרבייט, ווי פריהער, און ס'איז אויף אַזאַ אופן דאָ א היבשע ביסעל וועדזשעטייבעלס פאַר'ן געברויך אין סאַניטאַריום.

## טשיקען פארם אקאונט

| | 1916 | 1917 | 1918 | |
|---|---|---|---|---|
| בילדינג ביז'ן ערשטען יאנואר 1919 | — | — | —+— | $3,286.70 |
| אינקיובייטאר, איוועגס, א. ד. ג. | — | — | — | 665.97 |
| **אויסגאבען פאר דעם פאולטרי רענטש:** | | | | |
| סאלאריעס | $350.00 | $1,777.46 | $1,484.83 | |
| סופלייס | 70.34 | 125.22 | 276.05 | |
| שפייז פאר טשיקענס | 834.15 | 5,449.73 | 6,424.47 | |
| קויהלען | 13.20 | — | 82.12 | |
| אייער פאר העטשינג | 132.00 | 209.59 | 399.00 | |
| טאטאל | $1,399.69 | $7,562.00 | $8,616.47 | |
| **איינגאהמע פון פאולטרי רענטש:** | | | | |
| פון אייער | $546.07 | $6,121.27 | $8,901.77 | |
| פון טשיקענס | 550.19 | 1,215.59 | 2,956.70 | |
| דעם 31טען דעצעמבער 1918 זיינען געוועזען 1843 טשיקענס צו $1.50 א שטיק | — | — | 2,764.50 | |
| טאטאל | $1,096.26 | $7,336.86 | $14,622.97 | |
| דעפיציט | 303.43 | 225.14 | — | |
| פראפיט | — | — | 6,006.50 | |
| טאטאל | $1,399.69 | $7,572.00 | $8,616.47 | |

### פארגרעסערט די קיטשען

די דורכשניטליכע צאהל פאציענטען איז די לעצטע עטליכע יאהר כסדר געוואקסען אין אונזער סאניטאריום, מיט דער אויסנאהם פון לעצטען יאהר, ווען די צאהל פאציענטען איז פארקלענערט געווארען. ווי די מעמבערס פון ארבייטער רינג איז באקאנט, האבען מיר לעצטען יאהר צוליעב דער זעלבער אורזאכע געמוזט פארגרעסערען דאס עס־צימער, און מיט א גרעסערע צאהל פאציענטען ווערט אויך פארגרעסערט די ארבייט אין קיך. עס איז דארום געווען א נויטווענדיגקייט צו פארגרעסערען די קיטשען. אויסער דעם, ווען די קיטשען איז גרעסער און גדאמער, קען אלעס געטאן ווערען אויף א מעהר היגיעני׳שען אופן, און די גאנצע ארבייט פון קאכען און באקען קען געטאן ווערען מעהר צופריעדענשטעלענד פון די אנגעשטעלטע, וועלכע ארבייטען אין און ארום קיטשען.

ביים פארגרעסערען די קיטשען האבען מיר אין זינען געהאט צו מאכען א נייעם פארגרעסערטען סינק, עס זאל זיין לייכטער צו האלטען אדער וואשען מאנכע קליינע געשיר, וועלכע זיינען נויטיג פאר דעם באלדיגען געברויך, ווייל פאר אלגעמיינע געשיר האבען מיר אין סאניטאריום אן עלעקטרישע מאשין, וואס וואשט אלע אויטאמאטיש.

בעת מען האט פארגרעסערט די קיטשען, האט די קאמיטע איינגעזעהן, אז מיט נאך 900—800$ וועט מען קענען צובויען א רעקריאיישאן רום פאר די אנגעשטעלטע און א צימער פאר פארטרעטער פון הער.פארוואלטונג, אדער פאר געסט, וואס קומען אין סאניטאריום. די רעקריאיישאן רום איז שעהן אויסגעמעבלירט און שאפט מעהר באקוועמליכקייט, ווי פריהער, פאר די אנגעשטעלטע פון סאניטאריום.

די פארגרעסערונג פון קיטשען און צובויען די צוויי צימערען האט געקאסט ארום $5,500

### דער סאניטאריום רעליעף טאג

ווי באוואוסט, פלעגען די ברענטשעס און סיטי און דיסטריקט קאמיטעס איבער'ן לאנד פייערען יעדען יאהר דעם סאניטאריום־טאג דורך פארשיעדענע אונטערנעהמונגען, צוגעפאסט צו די ארטיגע אומשטענדען. די איינגאהמע פון אזעלכע אונטערנעהמונגען פלעגט איבערגעשיקט ווערען פאר דעם סאניטאריום פאנד.

דיעזען יאהר, אזוי ווי לעצטען יאהר, האט די סאניטאריום קאמיטע, מיט דער צושטימונג פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו, באשלאסען צו פארוואנדלען די סאניטאריום פייערונג אין א טאג פון רחמנות פאר אונזערע מלחמה קרבנות.

דער ארבייטער רינג האט זיך דיעזען יאהר פארפליכטעט צו שאפען 25 טויזענד דאלאר פאר אונזערע ברידער און שוועסטער אויף יענער זייט ים. אויך לעצטען יאהר האט דער ארבייטער רינג פארשפראכען צו שאפען אזא סומע, און די פארשפרעכונג איז ערפילט געווארען. די ברענטשעס און די מיטגליעדער פון ארבייטער רינג זיינען אלע מאל געווען פרייגיביג און ברייטהערציג פאר אזעלכע צוועקען און האבען שטענדיג געגעבען מיט א פולער האנד. ווען מיר שרייבען דיעזען רעפארט ווייסען מיר נאך ניט גענוי ווי גרויס עס איז די סומע, געשאפען פאר דעם פאנד, ווייל לויט די ידיעות וואס זיינען דא אין דזשענעראל אפיס געפינען זיך היבשע סומען ביי מאנכע ברענטשעס און סיטי און דיסטריקט קאמיטעס, וואס זיינען פארלויפיג נאך ניט אריינגעשיקט געווארען אין דזשענעראל אפיס. ס'איז קיין ספק ניט, אז די 25 טויזענד דאלאר וועט אויך דיעזען יאהר געשאפען ווערען.

מיר קענען זיין שטאלץ וואס אונזער סאניטאריום געפינט זיך אין א צושטאנד, דאס מיר קענען זיך פארגינען אוועקצוגעבען א געוויסען טייל איינקונפט אויף א צוועק וואס ריהרט אן דעם גאנצען כלל.

### אונטערנעהמונג פאר'ן לאס אנדזשעלעס סאניטאריום

מיר האבען דיעזען יאהר ניט בלויז אוועקגעגעבען די איינקונפט פון סאניטאריום־פייערונג פאר'ן רעליעף, נאר מיר האבען אויך אויף אן אינדירעקטען אופן באוויליגט צו שטיצען דעם לאס אנדזשעלעס סאניטאריום, אונזער שוועסטער־אנשטאלט.

דער לאס אנדזשעלעס סאניטאריום ווערט געוועהנליך אויפגעהאלטען פון פרייוויליגע בייסטייערונגען פון פארשיעדענע ארגאניזאציאנען און איינצעלנע פערזאנען. א גרויסע צאהל ברענטשעס פון ארבייטער רינג צאהלען זייערע יעהרליכע בייסטייערונגען צו דעם סאניטאריום. דיעזען יאהר האבען מיר באוויליגט צו האבען א גרויסען קאנצערט און אונטערנעהמונג אויף די גראונדס פון אונזער סאניטאריום און דער איינקונפט זאל געהן פאר דעם לאס אנדזשעלעס סאניטאריום.

דאס איז געווען דאס ערשטע מאל אין דער געשיכטע פון דעם ארבייטער רינג סאניטאריום צו ערלויבען צו האבען אירגענד וועלכע אונטערנעהמונג מיט איינטריטס־געלד. אלע אונטערנעהמונגען, וואס ווערען פון אונזער סאניטאריום פון צייט צו צייט אפגעהאלטען, ווערען אראנזשירט הויפטזעכליך מיט דעם צוועק צו פארוויילען די פאציענטען. דאס מאל האבען מיר געמאכט אן אויסנאהם, אום צו געבען א מעגליכקייט דעם לאס אנדזשעלעס סאניטאריום צו קריגען עטליכע טויזענד דאל.

די אונטערנעהמונג, וועלכע האט שטאטגעפונען אין מאנאט דזשולאי, איז געווען אן ערפאלג. ארום 4000 מענשען, איינוואוינער און געסט פון די ארומיגע זומער־פלעצער, זיינען געקומען צו דעם קאנצערט. דער לאס אנדזשעלעס סאניטאריום האט צוגעשיקט א ווארימען דאנקס־בריעף פאר דער פריינדליכער אונטערנעהמונג.

# פאַרגלייכונג פון סאַניטאַריום אויסגאַבען פאַר די יאָהרען 1916, 1917 און 1918.

| | 1916 | 1917 | 1918 |
|---|---|---|---|
| **פּערוואַלטונג** | | | |
| סאַלאַריעס | $1,020.81 | $1,153.92 | $1,995.21 |
| טעלעפאָן און טעלעגראַף | 119.03 | 227.77 | 293.72 |
| אַמיוזמענט און עדיוקיישאַן | 149.21 | 97.24 | 283.80 |
| פאַרשיעדענעס | 230.42 | 89.25 | 175.99 |
| פּרעזענטען צום נייעם יאָהר | — | 71.00 | 45.00 |
| העלפּ (עקסטראַ) | — | 42.75 | 425.82 |
| סטיישאַנערי, פּאָסטיידזש, פּרינטינג און אַדווערטייז. | 328.29 | 270.29 | 568.83 |
| טאָטאַל | $1,757.76 | $1,953.22 | $3,788.37 |
| **מעדיצינישע** | | | |
| סאַלאַריעס | $4,117.34 | $4,968.19 | $5,575.00 |
| געהאַלט פון וויז. פיזישאַן | 500.00 | 500.00 | 500.00 |
| דראַגס און מעדיקאַל סופּלייס | 402.60 | 1,172.07 | 320.91 |
| גאַוז | 294.96 | 664.87 | 689.47 |
| טערמאָמעטערס | 116.88 | 120.94 | 232.90 |
| עקס-רעי סופּלייס | 166.10 | 583.90 | 303.39 |
| שפּיי קעסטעלעך | 63.48 | 89.09 | 45.00 |
| באַטעלס | — | 2.52 | — |
| סטיישאַנערי | 166.53 | 32.10 | 166.39 |
| פאַרשיעדענעס | — | 33.99 | 35.00 |
| טאָטאַל | $5,827.89 | $8,168.67 | $8,068.06 |
| **דעפּאַרטמענט אויסגאַבען** | | | |
| הויז אויפהאַלטונג: | | | |
| סאַלאַריעס | $2,393.61 | $3,248.76 | $3,215.41 |
| סופּלייס | 1,061.19 | 1,513.26 | 167.69 |
| ליגנען און האַנדטיכער | 209.73 | 550.30 | 753.32 |
| בלענקעטס | 139.79 | 1,044.71 | 337.62 |
| קאָוטס פאַר ווייטערס | — | 31.20 | 26.76 |
| פאַרשיעדענעס | 146.19 | 170.16 | — |
| טאָטאַל | $3,950.41 | $6,558.39 | $4,500.80 |
| קיטשען: | | | |
| סאַלאַריעס | $1,384.25 | $1,968.34 | $2,909.29 |
| סופּלייס | 100.39 | 133.98 | 426.08 |
| טאָטאַל | $1,484.64 | $2,102.32 | $3,335.37 |
| לאָנדרי: | | | |
| סאַלאַריעס | $625.42 | $819.48 | $1,580.05 |
| סופּלייס | 123.89 | 262.49 | 696.75 |
| בעלטינג | — | 24.60 | — |
| טאָטאַל | $749.31 | $1,106.57 | $2,276.80 |
| גרענד טאָטאַל | $6,184.36 | $9,767.28 | $10,112.97 |
| **שפּייז:** | | | |
| ברויט און ביסקוויטס | $1,035.47 | $1,851.72 | $2,172.34 |
| מילך, קריעם, פּוטער און קעז | 5,746.46 | 8,748.14 | 10,466.10 |
| אייער געקויפט | 3,405.34 | 5,841.26 | 1,357.13 |
| אייער פון פּאַלטרי רענטש | — | — | 6,093.10 |
| פלייש, פיש און הערינג | 2,732.24 | 4,470.14 | 8,683.24 |
| טשיקען געקויפט | 2,996.41 | 5,267.41 | 2,083.34 |
| טשיקען פון פּאַלטרי רענטש | — | — | 2,383.52 |
| פרוכט און גרינסען געקויפט | 2,780.00 | 4,644.46 | 5,539.04 |
| פרוכט, גרינסען פון פאַרם | — | — | 950.71 |
| גראָסעריעס | 1,975.99 | 8,884.00 | 8,010.32 |
| ליקאָר | — | 17.75 | 24.04 |
| טאָטאַל | 20,671.91 | 34,725.81 | 43,262.88 |

| | 1916 | 1917 | 1918 |
|---|---|---|---|
| **אַלגעמיינע הויז און בילדינג אויסגאַבען:** | | | |
| עלעקטריק באַלויכטונג, פּאַור און סופּלייס | $1,350.62 | $1,717.81 | $1,430.36 |
| אינשורענס | 514.75 | 1,043.25 | 799.80 |
| טעקסעס | 251.15 | 141.22 | 358.24 |
| קויהלען | 3,196.67 | 3,688.62 | 4,50[illegible].70 |
| אייז | 166.58 | 100.00 | 245.00 |
| טאָטאַל | $5,749.77 | $6,690.90 | $7,335.10 |
| **ריעל עסטייט און בילדינג אויסגאַבען:** | | | |
| סאַלאַריעס | $628.01 | $1,224.30 | $1,418.61 |
| ריפּיירס | 171.63 | 435.16 | 385.82 |
| אויסבעסערונג פון די גראַונדס און פעלד | 106.42 | 296.20 | 274.33 |
| פּיינטינג | 171.42 | 1,477.17 | 68.37 |
| סופּלייס | 367.48 | 83.65 | — |
| טאָטאַל | $1,444.96 | $3,516.48 | $2,147.13 |
| **סטייבל** | | | |
| סאַלאַריעס | $351.75 | $292.31 | $472.19 |
| שפּייז פאַר די פערד | 966.02 | 1,445.83 | 220.55 |
| ריפּיירס און סופּלייס | 257.33 | 411.74 | 611.15 |
| ליווערי | 228.00 | 287.00 | 147.50 |
| לייסענס פאַר די קאַר | — | 2.50 | — |
| טאָטאַל | $1,803.10 | $2,439.38 | $1,451.39 |
| **אויסגאַבען פאַר מאַשינערי און געצייג:** | | | |
| סאַלאַריעס | $716.27 | $668.62 | $774.13 |
| סופּלייס און ריפּיירס | 172.07 | 11.50 | — |
| פּלאָמבינג | 102.95 | 288.00 | 1,036.03 |
| טאָטאַל | $991.29 | $968.12 | $1,810.16 |
| טאָטאַל | $9,719.12 | 13,614.88 | 12,743.78 |
| אומגעקעהרטע קעש | 10.97 | — | — |
| גרענד טאָטאַל | $9,708.15 | 13,614.88 | 12,743.38 |
| **פאַרם אויפהאַלטונג:** | | | |
| סאַלאַריעס | — | $402.92 | $919.75 |
| סופּלייס | — | 64.50 | 155.69 |
| זריעה | — | 151.50 | 1.60 |
| קאַלך | — | 284.74 | — |
| באַמיסטונג | — | 87.89 | — |
| טאָטאַל | — | $991.55 | $957.75 |
| אינקאַם פון פאַרם פּראָדוקטען | — | 278.96 | 957.75 |
| טאָטאַל | $315.75 | $612.59 | $119.27 |
| **סאַניטאַריום קאָמיטע:** | | | |
| קאָמיטע אויסגאַבען | $182.34 | $147.27 | $136.35 |
| סאַלאַרי (רעקאָרדינג סעק.) | 173.42 | 216.61 | 298.28 |
| סובסקריפּשאַן „נייע וועלט" און „קאָל" | — | 16.50 | — |
| קאָמיטעס צייט-פאַרלוסט | 57.90 | 46.50 | 59.75 |
| דיילראָוד פעיר (צו און פון סאַניטאַריום, פון מעדיקאַל אַדוויזערי באָארד, וויזיטינג פיזישען, קאָמ. א.ד.ג.) | 733.34 | 803.14 | 957.04 |
| טאָטאַל | $1,147.00 | $1,224.10 | $1,451.42 |
| דעפּרעשיאיישאַן 10% | $1,457.79 | $1,622.69 | $1,562.41 |
| סעטעלמענט פון זוסקינד קייס | — | 800.80 | — |
| טאָטאַל | $1,457.79 | $2,423.49 | $1,562.41 |
| גרענד טאָטאַל | 47,070.61 | 72,488.96 | 81,116.22 |

## פארגלייכונג פון דורכשניטליכע טעגליכע אויסגאבען פאר יעדען פאציענט פער טאג פאר די יאהרען 1916, 1917 און 1918

| | אויסגאבען פאר יעדען טאג 1916 סומע | 1916 % | 1917 סומע | 1917 % | 1918 סומע | 1918 % | טעגליכע אויסגאבען פער פאציענט 1916 | 1917 | 1918 | טעגליכע אויס-פארגרעסערט אין 1917 סומע | % | טעגליכע אויס-פארגרעסערט אין 1918 סומע | % | טעגליכע אויס-פארקלענערט אין 1917 סומע | % | טעגליכע אויס-פארקלענערט אין 1918 סומע | % |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| פארוואלטונג — — — — — | 4.81 | 3.8 | 5.36 | 2.7 | 10.10 | 4.5 | .102 | .083 | .172 | — | — | .089 | 11.2 | .019 | 18.6 | — | — |
| מעדיציניש — — — — | 15.95 | 12.4 | 22.26 | 11.5 | 23.72 | 10.6 | .338 | .344 | .404 | .006 | 1.8 | .060 | 7.5 | — | — | — | — |
| הויז אויפהאלטונג — — — | 16.93 | 13.2 | 26.76 | 13.3 | 27.70 | 12.4 | .358 | .412 | .471 | .054 | 15.1 | .059 | 7.4 | — | — | — | — |
| הויז, בילדונג אויסגאבען — | 25.96 | 20.2 | 37.30 | 18.7 | 34.90 | 15.7 | .549 | .575 | .593 | .026 | 2.1 | .018 | 2.3 | — | — | — | — |
| פארם אויפהאלטונג — — | .86 | .7 | 1.63 | .9 | .33 | .1 | .018 | 0.26 | .006 | .008 | 44.5 | — | — | — | — | 0.20 | 2.5 |
| סאניטאריום קאמיטע — — | 3.14 | 2.4 | 3.36 | 1.7 | 3.98 | 1.8 | .066 | .052 | .07 | — | — | .018 | 2.3 | .014 | 4.6 | — | — |
| דעפרעשיאיישאן — — — | 3.99 | 3.2 | 6.35 | 3.3 | 4.28 | 1.9 | .084 | .102 | .07 | .018 | 2.1 | — | — | — | — | .032 | 4.0 |
| שפייז — — — — — — | 56.34 | 44.0 | 95.15 | 47.9 | 118.30 | 53.0 | 1.193 | 1.467 | 2.02 | .274 | 22.9 | .553 | 37.8 | — | — | — | — |
| טאטאל — — — | 128.01 | 100.0 | 198.24 | 100.0 | 223.31 | 100.0 | 2.730 | 3.057 | 3.79 | .386 | — | .797 | — | .033 | — | .052 | — |

## פארגלייכונג פון די שפייז אויסגאבען פאר די יאהרען 1916, 1917 און 1918

| | אויסגאבען 1916 | 1917 | 1918 | טעגליכע אויסגאבען פאר יעדען פאציענט 1916 | 1917 | 1918 | טעגליכע אויסגאבען פער פאציענט פארגרעסערט פון יאהר צו יאהר: פון 1916 צו 1917 סומע | % | פון 1917 צו 1918 סומע | % | טעגליכע אויסגאבען פארקלענערט אין 1918 סומע | % | פארגרעסערונג פון פרייזען לויט די טעגליכע אויסגאבען פער פאציענט פער טאג: פון 1916 צו 1917 | פון 1917 צו 1918 | פארקלענערונג פון די פרייזען פון 1917 ביז 1918 לויט די אויסגאבען |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| ברויט — — — — — — | 1035.47 | 1851.72 | 2172.34 | .060 | .076 | .101 | .016 | 1.3 | .025 | 1.69 | — | — | 26.7 | 32.9 | — |
| מילך, קריעם און פוטער — | 5746.46 | 8748.14 | 10466.10 | .332 | .374 | .486 | .042 | 3.5 | .112 | 7.57 | — | — | 12.6 | 29.9 | — |
| אייער — — — — — — | 3405.34 | 5841.26 | 7450.23 | .197 | .250 | .316 | 0.53 | 4.4 | .096 | 6.48 | — | — | 26.9 | 38.4 | — |
| פלייש, פיש און הערינג — — | 2732.24 | 4470.14 | 8683.24 | .157 | .191 | .403 | .034 | 2.8 | .212 | 14.30 | — | — | 21.7 | 111.0 | — |
| משיקען — — — — — — | 2996.41 | 5267.41 | 4966.86 | .172 | .225 | .231 | .053 | 4.4 | .006 | .45 | — | — | 30.8 | 2.7 | — |
| פרוכט און גרינסען — — — | 2789.00 | 4644.46 | 6489.75 | .162 | .198 | .301 | .036 | 3.0 | .103 | 6.96 | — | — | 22.2 | 52.0 | — |
| גראסעריעס — — — — | 1975.99 | 3884.93 | 3010.32 | .118 | .166 | .140 | .048 | 4.0 | — | — | .026 | 1.76 | 40.7 | — | 15.7 |
| ליקאר — — — — — — | — | 17.75 | 24.04 | | | — | | | | | | | | | — |
| טאטאל — — | 20671.91 | 34725.81 | 43262.88 | 1.198 | 1.480 | 2.008 | .282 | 23.4 | .554 | 37.45 | .026 | 1.76 | — | — | — |

טעגליכע פאציענטען

| 1916 | 1917 | 1918 |
|---|---|---|
| 47.2 | 64.8 | 59.5 |

## אין יאהר 1918 זיינען אויפגענומען געווארען אין סאניטאריום 128 פאציענטען.

### טאבעלע נומער 1.

ציינט ווי לאנג זיי זיינען געווען מעמבערס אין ארבייטער רינג איידער זיי זיינען אויפגענומען געווארען אין סאניטאריום.

| ווי לאנג די פאציענטען זיינען געוועזען מעמבערס | 1910 | 1911 | 1912 | 1913 | 1914 | 1915 | 1916 | 1917 | 1918 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| ווייניגער ווי 1 יאהר | 36 | 12 | 7 | | | | | | |
| צווישען 1 און 2 יאהר | 40 | 54 | 39 | 35 | 17 | 14 | 27 | 42 | 17 |
| צווישען 2 און 3 יאהר | 27 | 31 | 27 | 23 | 20 | 20 | 23 | 25 | 30 |
| צווישען 3 און 4 יאהר | 20 | 21 | 28 | 16 | 14 | 20 | 6 | 15 | 16 |
| צווישען 4 און 5 יאהר | 3 | 6 | 21 | 18 | 22 | 8 | 8 | 16 | 11 |
| צווישען 5 און 6 יאהר | 3 | 4 | 10 | 5 | 23 | 9 | 7 | 14 | 7 |
| צווישען 6 און 7 יאהר | 3 | 4 | 2 | 4 | 10 | 16 | 14 | 7 | 10 |
| צווישען 7 און 8 יאהר | — | — | 3 | 3 | 12 | 10 | 8 | 18 | 2 |
| צווישען 8 און 9 יאהר | — | — | 8 | 2 | 3 | 7 | 4 | 8 | 8 |
| צווישען 9 " 10 יאהר | — | — | — | 1 | 1 | 5 | 1 | 4 | 9 |
| צווישען 10 " 11 יאהר | — | — | 1 | — | 6 | — | 4 | 4 | 6 |
| צווישען 11 " 12 יאהר | — | — | — | 1 | 2 | 2 | 1 | 1 | 5 |
| צווישען 12 " 13 יאהר | — | — | — | — | — | 1 | 1 | 2 | 3 |
| צווישען 13 " 14 יאהר | — | — | — | — | 3 | — | — | 3 | 2 |
| צווישען 14 " 15 יאהר | — | — | — | — | — | 1 | — | — | 1 |
| צווישען 15 " 16 יאהר | — | — | — | — | — | 1 | 1 | — | — |
| צווישען 16 " 17 יאהר | — | — | — | — | — | — | — | 1 | 1 |
| טאטאל — — — | 132 | 132 | 146 | 108 | 133 | 114 | 105 | 160 | 128 |

### טאבעלע נומער 2.

ציינט די עלטער פון די פאציענטען ווען זיי זיינען אריינגענומען געווארען אין סאניטאריום.

| די עלטער פון די פאציענטען | 1910 | 1911 | 1912 | 1913 | 1914 | 1915 | 1916 | 1917 | 1918 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| פון 18 ביז 25 יאהר | 64 | 52 | 36 | 33 | 24 | 25 | 20 | 32 | 27 |
| פון 26 ביז 30 יאהר | 39 | 43 | 51 | 37 | 54 | 39 | 30 | 40 | 34 |
| פון 31 ביז 35 יאהר | 21 | 18 | 32 | 23 | 23 | 22 | 33 | 49 | 42 |
| פון 36 ביז 40 יאהר | 7 | 12 | 19 | 11 | 13 | 17 | 12 | 28 | 16 |
| פון 40 ביז 50 יאהר | 1 | 7 | 8 | 4 | 14 | 11 | 10 | 41 | 7 |
| העכער פון 50 יאהר | — | — | — | — | — | — | — | — | 2 |
| טאטאל — — | 132 | 132 | 146 | 108 | 133 | 114 | 155 | 160 | 128 |

### טאבעלע נומער 3.

| מענער און פרויען פאציענטען | 1910 | 1911 | 1912 | 1913 | 1914 | 1915 | 1916 | 1917 | 1918 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| צאהל מענער — — | 130 | 123 | 138 | 104 | 123 | 109 | 103 | 153 | 122 |
| צאהל פרויען — — | 2 | 9 | 8 | 4 | 5 | 5 | 2 | 7 | 6 |
| טאטאל — — | 132 | 132 | 146 | 108 | 133 | 114 | 105 | 160 | 128 |

### טאבעלע נומער 4.

| | 1910 | 1911 | 1912 | 1013 | 1914 | 1915 | 1916 | 1917 | 1918 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| פערהייראטה — — | 83 | 86 | 100 | 76 | 101 | 87 | 77 | 122 | 95 |
| אונפערהייראטה — | 49 | 46 | 46 | 32 | 32 | 27 | 28 | 38 | 33 |
| טאטאל — — | 132 | 132 | 146 | 108 | 133 | 114 | 105 | 160 | 128 |

### טאבעלע נומער 5.

לויט נאך זייערע באשעפטיגונגען ווערען די פאציענטען איינגעטיילט ווי פאלגט:

| | |
|---|---|
| אפערייטארס | 18 |
| אפהאלסטערער | 1 |
| באקס מייקער | 1 |
| בוכבינדער | 1 |
| ביזנעסלייטע | 6 |
| בעקערס | 4 |
| געז פיקטשורס | 1 |
| האאר ארבייטער | 1 |
| הויז ארבייטער | 1 |
| העט מאכערס | 2 |
| וועבערס | 4 |
| טאג ארבייטער | 4 |
| לאיער | 1 |
| מאשיניסטען | 4 |
| מולער | 1 |
| מעטאל ארבייטער | 4 |
| עלעקטרישען | 1 |
| מעקאניקאל דענטיסט | 1 |
| פאריערס | 3 |
| פיינטערס | 11 |
| פרינטער | 1 |
| פרעסערס | 6 |
| ציגארען מאכער | 1 |
| קאטערס | 4 |
| קארפענטערס | 7 |
| קלאוק מייקערס | 2 |
| קלויירקס | 6 |
| קאפען־מאכערס | 2 |
| שוסטערס | 2 |
| שניידערס | 27 |
| טאטאל | 128 |

### סאניטאריום־טאג

אין ניו יארק איז דיענסטאג אבענד, דעם 13טען פעברואר, געפייערט געווארען דער 9טער יעהרליכער יום־טוב פון ארבייטער רינג סאניטאריום. די סאניטאריום קאמיטע האט צו דער געלעגענהייט ארגאניזירט א פראכטפולען קאנצערט אין סענטראל אפערא הויז און פרייע טיקעטס זיינען ארויסגעשיקט געווארען צו אלע ארבייטער רינג ברענטשעס פון גרייטער ניו יארק.

אינטערעסאנט זיינען די ציפערען וואס דער טשערמאן פון יענעם אבענד האט איבערגעגעבען וועגען סאניטאריום:

אין 1907 האט א קאמיטע געספענדעט 55 דאלאר צו אונטערזוכען וואס פאר א פלאץ עס קען געקויפט ווערען פאר א סאניטאריום. אין 1908 איז אויסגעגעבען געווארען דריי טויזענד דאלאר. אין 1909 — 15 טויזענד דאלאר. אין 1910, ווען דער סאניטאריום איז ערעפענט געווארען, איז אויסגעגעבען געווארען $59,200. אין 1911 — $47,000, אין 1912 — $43,500, אין 1913 — $64,500, אין 1914 — $66.50, אין 1915 — $59,500, אין 1916 — $60,600, אין 1917 — $83,000, אין 1918 — $89,000.

די רעדנער ביי דעם סאניטאריום פייערונג פון ניו יארק האבען אנגעדייטעט, אז דער ארבייטער רינג סאניטאריום איז צווישען דער גאנץ קליינער צאהל אנשטאלטען אין די פאראייניגטע שטאאטען וואס גיבען אוים אזוי פיעל אויף אויפצוהאלטען א פאציענט, אבער דערפאר איז אונזער סאניטאריום איינער פון די ערשטע וואס גיט ארוים א גרויסען פראצענט אויסגעקורירטע, וועלכע זיינען ווייטער אימשטאנד צו ערנעהרען זיך און זייערע פאמיליען.

פארטרעטער פון ברענטשעס האבען אויפ'ן פלאץ גענגעבען $447.00 פאר דעם רעליעף פאנד, און די פארפליכטונגען פון אנדערע ברענטשעס, וועמעס פארטרעטער זיינען געוועזען אנוועזענד ביים מיטינג, האבען באטראפען $2,655.00.

דער סאניטאריום־טאג אין סאניטאריום גופא איז דיעזען יאהר געפייערט געווארען שבת אבענד, דעם 8טען פעברואר, דורך א הערליכען קאנצערט, אין וועלכען עס האבען זיך באטייליגט דער באוואוסטער אקטיאר לעאן בלאנק, די יונגע אקטריסע מיסעס חנה האלענדער, דער אקטיאר ראזענשטיין האט געזונגען אידישע פאלקס־ליעדער, ב. באטוויניק און י. ארלער האבען פארגעלעזען מאנכע פון זייערע אייגענע זאכען. לעאן גאטליעב האט פארטראטען די רעדאקציאן פון „פארווערטס“, אין וועמעס נאמען ער האט באגריסט די פאציענטען. עס זיינען אויך אנוועזענד געווען פארטרעטער פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע. אלע צוזאמען האבען געהאלפען מאכען, אז דער גאנצער יום־טוב זאל האבען א פייערליכען אויסזעהן און האבען אריינגעטראגען צווישען די אנוועזענדע געסט און פאציענטען א געפיהל פון פריינדשאפט און באגייסטערונג.

### פארוויילונגען

האבענדיג א פראכטפולען און גרויסען דייניגג רום און האבענדיג אן אייגענע מואווינג פיקטשור מאשין, האבען מיר דורכ'ן יאהר געזעהן, אז מואווינג פיקטשורס זאלען געצייגט ווערען פאר די פאציענטען יעדע וואך. עס זיינען אויך פון צייט צו צייט ארגאנזשירט געווארען קאנצערטען און אנדערע פארוויילונגען פון די פאציענטען זעלבסט. דאס העלפט זעהר פיעל אויפצולעבען די פאציענטען און אויפלעבען די מאנכעס מאל געדריקטע שטימונג.

### די ארדנונג אין סאניטאריום

ניט נאר אין אזא דעמאקראטישען אנשטאלט, ווי אונזער סאניטאריום איז, נאר זאגאר אין א פאמיליע, צווישען עלטערן און קינדער, קומען מאנכעס מאל פאר מיספארשטענדניסע. עס וואלט פיליכט געווען איבערנאטירליך, אז ס'זאל פון צייט צו צייט זיך ניט לאזען הערען פון א פאציענט אן אונצופריעדענהייט מיט עטוואס, בפרט אין אונזער סאניטאריום, וואו עס געפינט זיך אזא פארשיעדענארטיגער עלעמענט כמעט צו יעדער צייט, און וואו אלע פיהלען זיך, אז זיי זיינען ניט אין קיין טשאריטי־אנשטאלט, נאר אין זייער אייגענער היים.

עס זיינען פארגעקומען איינינע פעלע, וועגען וועלכע מיר ווילען דא דערמאנען. א געוויסער פאציענט, א מעמבער פון א ברענטש אין ניו דזשורזי, איז געווען אין סאניטאריום בלויז 2 וואכען און האט אליין פארלאזען דעם אנשטאלט, ניט אכטענדיג דארויף וואס אונזער מעדיקאל דירעקטאר, דר. ל. ראזענבערג, האט איהם ניט ערלויבט אוועקצופאהרען. לויט דעם באשלוס פון קאנווענשאן און לויט די פריהערדיגע פיהרונגען, ווערט אזא פאציענט אויטאמאטיש אויסגעשלאסען. אין 2 טעג ארום, נאכדעם ווי ער איז אוועקגעפאהרען, איז דער זעלבער פאציענט צוריקגעקומען אין סאניטאריום, ניט ווארטענדיג אויף אן ערלויבניש אדער אן ענטפער פון דאקטאר. דער דאקטאר האט איהם אויף מארגען ערקלערט, אז ער מוז פארלאזען דעם אינסטיטושאן, ביז די סאניטאריום קאמיטע וועט וועגען דעם פארהאנדלען. מיט 3 טעג שפעטער איז ער ווידער געקומען אין סאניטאריום און צוזאמען מיט אלע פאציענטען אריין אין עס־צימער עסען מיטאג. ער האט ניט אנגעפרעגט זאגאר דעם דאקטאר, אבוואהל ער האט געוואוסט, אז ער איז פארלויפיג אויסגעשלאסען. פארשטענדליך, אז מען האט איהם דעם מאלצייט ניט ענטזאגט; אבער נאך מיטאג האט דער דאקטאר איהם ערקלערט, אז ער קען אין סאניטאריום ניט זיין. די סאניטאריום קאמיטע איז געווען מיט דער מיינונג, דאס אזא אויפפיהרונג וועט מאכען הפקר דעם גאנצען סאניטאריום, די פאציענטען וועלען אוועקגעהן און קומען ווען זיי וועלען וועלען און די קורירונג וועט אויף אזא אופן ניט האבען אויף זיי די געוואונשטע ווירקונג אויף צו פארבעסערען זייער געזונד. די סאניטאריום קאמיטע האט דארום באשלאסען צו האלטען זיך אן דעם באשלוס פון קאנווענשאן און פאררעכענען דעם באטרעפענדען אלס אויטאמאטיש אויסגעשלאסען. די פראגע איז געבראכט געווארען צו דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע, וועלכע האט גוטגעהייסען אונזער באשלוס און באשטימט, אז דער

באַטרעפענדער זאָל אין סאַניטאַריום צוריק ניט אַריינגענומען ווערען. פאַרטרעטער פון דעם באַטרעפענדען ברענטש האָבען זיך נאכהער געווענדעט צו דער סאַניטאַריום קאָמיטע און צו דער עקזעקוטיוו און אַפּעלירט נאָכאַמאָל צו האַנדלען וועגען דער אַנגעלעגענהייט, ערקלערענדיג, אַז ער איז אַ קראַנקער מענש, אַז ער האָט אַ פרוי מיט קינדער, וועלכע וועלען ווערען גענצליך בלייבען הילפלאָז, אויב מען וועט ביי איהם צונעהמען די פּריווילעגיע פון צוריק אַריינגענומען צו ווערען אין סאַניטאַריום. דער ברענטש האָט אָנגעדייטעט, אַז אויב מען זאָל וועגען דער קייס נאָכאַמאָל ניט האַנדלען, וועט דעם באַטרעפענדען אויסקומען אַוועקצופאָהרען קורירען זיך אין די וועסט, און דאָס וואָלט פינאַנציעל און מאָראַליש צובראָכען זיין גאַנצע פאַמיליע. מיר האָבען דאַן, מיט דער צושטימונג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע, באַשלאָסען איהם צוריק אַריין צו נעהמען אין סאַניטאַריום.

אַ צווייטער פאַל איז געווען מיט אַ פּאַציענט פון אַ ברענטש פון דעטראָיט. דער באַטרעפענדער איז אויסגעשריבען געוואָרען פון סאַניטאַריום ווייל ער האָט זיך אַרויסגעצייגט ניט צו ליידען פון טובערקולאָזיס. אָבער ער האָט דעם סאַניטאַריום ניט פאַרלאָזען, אָנגעבענדיג פאַרשיעדענע תירוצים. מיר האָבען וועגען דעם געשריבען צום ברענטש, אָבער זיי האָבען אונז ניט געענטפערט. עס זיינען אַזוי אַוועק עטליכע וואָכען, און ניט וועלענדיג אַרויסשיקען דעם פּאַציענט מיט גוואַלד, האָבען מיר געלאָזט וויסען דעם ברענטש, אַז מיר וועלען איהם געבען אויף באַהן הוצאות, ווייל דער פּאַציענט האָט געזאָגט, אַז ער איז געבליבען אין גאַנצען אָהן געלד. דער ברענטש האָט נאכהער צו אונז געהאַט טענות, ווארום מיר האָבען פאַר איהם געגעבען די סומע אויף רייזע־אויסגאַבען, אָבער מיר האָבען זיי איבערצייגט מיט דער קאָרעספּאָנדענץ פון אונזערע פאַילס, אַז מיר האָבען צו זיי וועגען דעם געשריבען, און נאָכדעם ווי זיי האָבען די גאַנצע זאַך פאַרשוויגען און האָבען אונז ניט געענטפערט, זיינען מיר געווען באַרעכטיגט צו נעהמען אַזאַ שטעלונג.

אין אַלגעמיין, אָבער, האָט צווישען די פּאַציענטען געהערשט אַ צופריעדענהייט מיט דער פאַרוואַלטונג און מיט דעם אַלגעמיינעם צושטאַנד פון דעם סאַניטאַריום. די באַציהונגען צווישען די פּאַציענטען און דער קאָמיטע זיינען געווען אמת פריינדליכע, און מיר האָפען, אַז דיעזער גייסט פון האַרמאָניע וועט אויך ווייטער אָנהאַלטען און די פּאַציענטען וועלען פאַרשטעהן, אַז דער איינציגער צוועק צו קומען אין סאַניטאַריום איז — זיך צו קורירען, אַז וואָס ווייניגער זיי וועלען זיך מישען אין פראַגען, וואָס האָבען צו טאָן מיט ריין אַדמיניסטראַטיווע אַנגעלעגענהייטען, אַלץ בעסער פאַר זייער געזונד.

## שוועריגקייטען וועגען העלפּ

אַ דאַנק דער מלחמה, וועלכע האָט פאַרברויכט אַזוי פיעל יונגע קרעפטען, אַ דאַנק די אַלגעמיינע אומשטענדען פון אַרבייטער־מאַרקעט, איז אויך פאַר דעם סאַניטאַריום געווען אַ פּראָבלעם צו האָבען גענוג העלפּ פּאַסענד פאַר דעם אַנשטאַלט.

די פראַגע וועגען העלפּ איז אַלע מאָל געווען אַ שאַרפע, הויפּטזעכליך זומער־צייט, ווען אַזוי פיעל זומער־פּלעצער זיינען אָפען אין דעם געגענד אַרום סאַניטאַריום. מאַנכע פון די אָנגעשטעלטע זעהען דאַן אַ מעגליכקייט צו פאַרדיענען מיט עטליכע דאָלאַר מעהר אין די באָרדינג הייזער און פאַרלאָזען דעם סאַניטאַריום, ניט נעמענדיג אין אכט, אַז די באַשעפטיגונג ביי אונז איז אַ שטענדיגע, און ניט קיין צייטווייליגע. דערביי איז דערמאָנט ווערען, אַז די שכירות פון אונזערע אָנגעשטעלטע איז פיעל גרעסער, ווי די געהאַלט וואָס עהנליכע אָנגעשטעלטע קריגען אין אַנדערע אַנשטאַלטען. פאַרשטענדליך, אַז די פראַגע וועגען האָבען גענוג אָנגעשטעלטע איז פאַר אונז דיעזען יאָהר געווען נאָך אַ גרעסערע און שווערערע פּראָבלעם ווי אין די פריהערדיגע יאָהרען. מיר האָבען אָבער אָנגעווענדעט אַלע מיטלען, אַז דער סאַניטאַריום זאָל פאַרוואַלטעט ווערען אין דער בעסטער און שעהנסטער אָרדנונג און צו דער צופריעדענשטעלונג פון די פּאַציענטען.

## איינפיהרונג פון סטאָר רום

די פאַרשיעדענע גראָסערי אַרטיקלען און סופּלייס, וואָס געפינען זיך אין סאַניטאַריום, פלעגען זיך געפינען אויף פאַרשיעדענע פּלעצער. אַבוואָהל מען האָט געוואוסט וויפיעל אַרטיקלען און וואָס פאַר סופּלייס עס דאַרפען זיין, איז אָבער דאָך ניט געווען קיין גענויגענדע קאָנטראָל, אַזוי לאַנג ווי זאַכען זיינען געווען צוואַרפען אויף עטליכע פּלעצער. מיר האָבען דיעזען יאָהר איינגעפיהרט אַ ספּעציעלע סטאָר רום און אָנגעשטעלט אַ קלאַירק, וועלכער זאָל האָבען אויפזיכט אויף דער סטאָר רום. לויט דער נייער איינפיהרונג ווערען קיינע זאַכען ניט אַרויסגעגעבען אָהן דעם סטאָר קלאַירק. עס קען אויף אַזאַ אופן צו יעדער צייט גענומען ווערען סטאָק, אום מען זאָל וויסען גענוי וואָס פאַר אַרטיקלען און סופּלייס עס געפינען זיך צו יעדען באַשטימטען מאָמענט אין סאַניטאַריום. מיר האָבען איינגעזעהן, אַז ס'איז נויטווענדיג צו האָבען אַ פאָלשטענדיגען קאָנטראָל איבער אַלעם, ווייל די פאַרשידענע גראָסערי אַרטיקלען און סופּלייס, וואָס געפינען זיך אין סאַניטאַריום אין סטאָק, זיינען פונקט ווי קעש.

## דער אַריינפאָהר אין סאַניטאַריום

ביז דיעזען יאָהר איז דער אַריינפאָהר אין סאַניטאַריום געווען אין גאַנצען אָפען, ניט אַכטענדיג דאַרויף וואָס מען האָט געשריבען און אַדווערטייזט, אַז די וויזיטינג שטונדען זיינען בלויז צווישען 2 און 4 נאָכמיטאָג, פלעגען אָבער וויזיטאָרס קומען יעדע שטונדע אין טאָג, און עס איז אויסגעקומען אַלע מאָל צו מאַכען ערקלערונגען, אַז באַזוכער קענען, אויסער די באַשטימטע שטונדען, ניט אַריינגעלאָזען ווערען.

ספּעציעלע סלופּעס זיינען אויפגעבויט געוואָרען ביים אַריינפאָהר אין סאַניטאַריום, און בראָנז־טאַבלעטען מיט דער אויפשריפט „אַרבייטער רינג סאַניטאַריום" זיינען אַוועקגעשטעלט געוואָרען, און נאָך די באַשטימטע וויזיטינג שטונדען ווערט אַרויפגעצויגען אַ קייט צווישען די סלופּעס, אַזוי דאָס קיין פרעמדע באַזוכער קענען דאַמאָלס אין סאַניטאַריום ניט אַריינקומען. עלעקטרישע לאָמפּען זיינען אויף די סלופּעס אַוועקגעשטעלט געוואָרען, אַזוי דאָס דער אַריינפאָהר אין סאַניטאַריום מאַכט אויך אַ דאַנק דעם אַ שעהנעם איינדרוק. מיר האָבען אויך באַשלאָסען אַוועקצושטעלען הויכע שעהנע בוימער אַרום דיעזע סלופּעס, וואָס וועט זיכער העלפען באַפּוצען דעם אַלגעמיינעם אויסזעהן פון אַנשטאַלט.

## דר. ל. ראָזענבערג

פאַר דער צייט וואָס דר. ראָזענבערג איז פאַרבונדען מיט אונזער סאַניטאַריום אַלס מעדיקאַל דירעקטאָר און סופּעראינטענדענט האָט ער דורך זיין באַנעהמונג און דורך דעם פריינדליכען אינטערעס, וואָס ער צייגט אַרויס צו יעדען, געוואונען רעספּעקט פון די פּאַציענטען און אָנגעשטעלטע. דר. ראָזענבערג האָט אַרויסגעצייגט איבערגעבענהייט צו די פּאַציענטען און צום סאַניטאַריום.

## די מעדיקאַל אַדווייזערי באָארד

אין וויכטיגע אַנגעלעגענהייטען האָבען מיר זיך בעראַטען מיט דער מעדיקאַל אַדווייזערי באָארד, וועלכע באַשטעהט פון פאָלגענדע גוט־באַקאַנטע דאָקטוירים:

דר. ראָם, טשערמאַן; דר. דזש. האַלפּערן, סעקרעטער; דר. ס. אינגערמאַן; דר. מ. פרידמאַן; דר. ראָזענטאַל; דר. ס. פעסקין.

מיר ווילען ביי דער געלעגענהייט אויסדריקען אונזער הערצליכסטען דאַנק און טיעפסטע אַנערקענונג פאַר דעם נאָהענטען אינטערעס וואָס זיי פיהלען אין אונזער סאַניטאַריום. די מעדיקאַל אַדווייזערי באָארד האָט אויך דיעזען יאָהר, ווי זיי טוען דאָס יעדען יאָהר, באַזוכט דעם סאַניטאַריום, אום צו זעהן וועלכע אויסבעסערונגען עס קענען און דאַרפען געמאַכט ווערען. באַזונדערס ווילען מיר דערמאָנען דר. דזש. האַלפּערן, אונזער אַדמיטינג און וויזיטינג דאָקטאָר. זיין איבערגעבענהייט צו די אינטערעסען פון סאַניטאַריום ווערט פון אונז ווי געהעריג אָפּגעשאַצט. ניט בלויז באַציהט ער זיך ערנסט צו זיינע אויפגאַבען אַלס אַדמיטינג דאָקטאָר און האָט אימער אין זינען דעם וואוילזיין פון די פּאַציענטען פון אַרבייטער רינג, נאָר אויך אַלס וויזיטינג דאָקטאָר האָט ער די אויפזיכט איבער אַלע מעדיצינישע אַנגעלעגענהייטען פון סאַניטאַריום, צו וועלכען ער באַציהט זיך מיט דעם גרעסטען ערנסט און אויפמערקזאַמקייט. מען קען

זאגען, אז ער איז צוזאמענגעוואקסען מיט אונזער סאניטאריום און איז געווארען א טייל פון איהם. דר. האלפערן באזוכט דעם סאניטאריום יעדען מאנאט.

שלום

מיר האבען אין דעם רעפארט זיך אפגעשטעלט בלויז אויף פראגען וואס טראגען אן אלגעמיינעם כאראקטער, אבער דער רעפארט כאפט ווייט ניט ארום די גאנצע טעטיגקייט אונזערע פאר דער צייט וואס מיר זיינען אין אמט. ער כאפט ניט ארום די רוטינע ארבייט, וועלכע האט אונז געהאלטען באשעפטיגט טאג איין טאג אויס. עס איז פארשטענדליך, אז אן אינסטי־טוציאן וואס האט אויסגעגעבען ארום 90 טויזענד דאלאר א יאהר, ווי עס ציינען די אויסגאבען פוןביידע פאנדס, אין 1918, קומט אויס אין פארלויף פון יאהר צו קויפען און פיקסען פיעלע קלייניגקייטען, קומט אויס צו מאכען פיעלע פארשיעדענע גרע־סערע און קלענערע אויסבעסערונגען; אבער עס וואלט פאר־נומען צופיעל פלאץ אויף דיעזע אלע קלייניגקייטען זיך אפצו־שטעלען. מיר וועלען בלויז דערמאנען, אז דער באילער אין לאונדרי האט געפלאצט, דאס פיקסען האט געקאסט עטליכע הונדערט דאלאר, און עס האט גענומען עטליכע וואכען ביז די לאונדרי איז ווידער אוועקגעשטעלט געווארען אין א נארמאלען צושטאנד; אז דער פלאץ, פון וואנען מען האט פריהער גענומען וואסער, האט געמוזט צוגערעקט ווערען מיט צעמענט, וואס האט געקאסט עטליכע הונדערט דאלאר; אז א ספעציעלע וואנד איז געבויט געווארען אין איינער פון די „לענ־טוס“, אום צו באפעס־טיגען די איבריגע ווענט; אז די ביבליאטעק אין סאניטאריום איז איבערגעטראגען געווארען אויף א צווייטען פלאץ, אום עס זאל זיין גראמער און באקוועמער פאר די פאציענטען ארויסצו־נעהמען און צוריקברענגען די ביכער וואס ווערען גענומען צום לעזען; אז נייע פלארס זיינען אין מאנכע פון די „לענ־טוס“ געלעגט געווארען; אז די שאוערס און וואנעס זיינען אין מאנכע „לענ־טוס“ אין גאנצען איבערגעמאכט געווארען, אזוי דאס זיי זיינען יעצט אוועקגעשטעלט געווארען אויף א העכסט סאניטארען און מאדערנעם אופן; אז דער האספיטאל איז אינ־ווענינג איבערגעפיינטעד געווארען; אז די עקס־רעי מאשין, וועל־כע איז א צייט געווען קאליע, איז געפיקסט געווארען און ווערט ווייטער געברויכט אין סאניטאריום, ווי פריהער, צו נעהמען עקס־רעי בילדער פון אלע פאציענטען; אז די לינען רום איז פאר־גרעסערט געווארען; אז די פלאמבניג אין פארשיעדענע פלע־צער איז געפיקסט געווארען, און דאס איז געוועזן פארבונדען מיט היבשע אויסגאבען; אז אויסבעסערונגען זיינען געמאכט געווארען צו באהייצען די אדמיניסטריישאן בילדינג דורך סטים פון דער לאונדרי, וואס האט געשפארט א באדייטענדע סומע אין קויהלען; אז א נייער באילער איז אוועקגעשטעלט גע־ווארען אין אדמיניסטריישאן בילדינג, כדי אז עס זאל האבן זיין גענוג הייסע וואסער פאר דעם געברויך; אז עס איז געקויפט געווארען לינען און בלייגקעטס; אז עס זיינען פארזייעט גע־ווארען פארשיעדענע וועדזשעטייבעלס אויף אונזער פארם, א. ד. ג., א. ד. ג.

אונזער קארעספאנדענץ, וועלכע איז צייטענווייז א גאנץ היבשע, איז דיעזען יאהר, ווי לעצטען יאהר, געענטפערט גע־ווארען פון אפיס, און אלעס איז פינקטליך אטענדעט געווארען.

קיין נייע גרויסע איינריכטונגען זיינען דיעזען יאהר ניט איינגעפיהרט געווארען, אבער ווען מיר ווארפען א בליק אויף די פיעלע קליינע אויסבעסערונגען, וואס מיר האבען אין פאר־לויף פון אונזער פארוואלטונג דורכגעפיהרט, פיהלען מיר זיך שטאלץ מיט דעם שעהנעם פארטשריט פון אונזער יאהר טע־טיגקייט. מיר קומען צום קאנווענשאן מיט אן ערנסטען גע־פיהל פון צופריעדענהייט, דאס מיר האבען טריי און איבער־געבען ערפילט די מיסיאן וואס די גרויסע מעמבערשיפ האט אויף אונז ארויפגעלעגט. מיר, פון אונזער זייט, האבען ניט גע־זשאלעוועט קיין צייט, מיה און ענערגיע צו העלפען פארשעה־נערען און אויסבעסערען דעם ארבייטער רינג סאניטאריום, אזוי דאס ער זאל זיין באקוועם און אנגענעהם פאר אונזערע פא־ציענטען און זאל ציהען צו זיך די אויפמערקזאמקייט אלס א מאדערנער אנשטאלט.

מיר האפען, אז איהר, דעלעגאטען צו דער 19טער קאנווענ־שאן, ווי אויך די ברייטע מיטגליעדערשאפט, וועט אנערקענען אז מיר האבען בייגעשטייערט אונזער חלק צו העלפען מאכען, אז דער סאניטאריום זאל זיין דער ציערונג פון אונזער ארדען.

סאניטאריום קאמיטע ארב. רינג.

אין פארלויף פון יאהר 1918 זיינען פון סאניטאריום אויסגעשריבען געווארען *) 134 פאציענטען.

די פאלגענדע טאבעלע צייגט דעם צושטאנד פון די 134 פאציענטען ביים אריינקומען און ביים פארלאזען דעם סאניטאריום.

| | ביים אריינקומען אין סאניטאריום | ביים פארלאזען דעם סאניטאריום |
|---|---|---|
| צושטאנד פון קראנקהיים | אויסזיכטען פון קראנקהייט | |
| אינסיפיענט<br>(1טע סטיידזש) | גוט — — — 63<br>אויסגעצייכענט — — 20<br>(61.9%) 83 — — טאטאל | קראנקהייט אפגעשטעלט — — 65<br>פארבעסערט — — 13<br>נישט געענדערט — — 3<br>נישט טובערקולאר — — 1<br>ערגער — — 1<br>83 — — טאטאל |
| אדוואנסד<br>(2טע סטיידזש) | גוט — — — 3<br>צווייפעלהאפט — — 3<br>(4.5%) 6 — — טאטאל | פארבעסערט — — 3<br>נישט געענדערט — — 1<br>אין שטילשטאנד — — 2<br>6 — — טאטאל |
| מאדעריים אדוואנסד | גוט — — — 42<br>צווייפעלהאפט — — 2<br>שלעכט — — 1<br>(33.6%) 45 — — טאטאל | קראנקהייט אפגעשטעלט — — 20<br>פארבעסערט — — 23<br>אין שטילשטאנד — — 1<br>געשטארבען — — 1<br>45 — — טאטאל |

*) אין די 134 פאציענטען זיינען נישט אריינגערעכענט די וועלכע זיינען שוין איין מאל געוועזען אין סאניטאריום.

# רעפּאָרט פון דעם מעדיקאל דעפּאַרטמענט פון דעם סאַניטאַריום

צו די מעדיקאל אדווייזערי באָארד, ארבייטער רינג סאַניטאַריום

ווערטע הערען:

איך וויל באריכטען וועגען דעם רעזולטאַט פון אַ שטודיום איבער 212 קייסעס, וואָס זיינען באהאַנדעלט געוואָרען אין דעם סאַניטאַריום דורך דעם יאָהר 1918. די צאָהל שליסט ניט איין אַלע קייסעס פון דעם יאָהר. די קראַנקע, וועלכע זיינען פאַרבליבען אין סאַניטאַריום וועניגער פון איין מאָנאַט צייט ווערען אין באריכט ניט באַטראַכט.

די צאָהל אונטערזוכטע קייסעס איז — — — — — — — 212

ווען די אונטערזוכונג איז געמאַכט געוואָרען זיינען 33 הולאים נאָך געווען אין סאַניטאַריום — בלייבען אַלזאָ איבער — — — — — — — — — — — 179

די צאָהל פון דיסטשאַרדזשטע אַלס אָזעלכע, ביי וועמען דער פּראָצעס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען, איז — — *155

די צאָהל פון די וועלכע זיינען אריין אין סאַניטאַריום מיט באַצילי אין די ספּוטום איז געווען — — — — — — 83

די צאָהל פון די וועלכע זיינען ארויס פון סאַניטאַריום און די באַצילי איז ביי זיי שוין געווען פארשוואונדען איז 83

אין דורכשניט זיינען די פּאַציענטען פאַרבליבען אין סאַניטאַריום — — — — — — — — — 136 טעג.

דער דורכשניטליכער געווינס אין וואָג פאַר יעדען איינעם פון זיי איז געווען — — — — 16 און זיבען־אַכטעל פונט.

די רעזולטאַטען אין באַצוג צו געווינען אין וואָג און די דיסטשאַרדזשעס אַלס אָזעלכע, ביי וועמען די קראַנקהייט איז „ווי עס ווייזט אויס אָפּגעשטעלט", זיינען אין סאַניטאַריום פיעל בעסער, ווי עס איז צו זעהן אין באריכטען וועגען אַנדערע ענליכע אַנשטאַלטען. אָבער די לאַגע אין סאַניטאַריום צייכענט זיך אַמשטאַרקסטען אויס מיט דעם זעהר גרויסען פּראָצענט — 50%

* איינצעלהייטען וועגען די קייסעס ערשיינען אין אַנאַנדער פּלאַץ אין דעם אַפּענדיקס צו דעם באריכט.

פּ[ּ]וּם — פון הולאים, ביי וועלכע עס איז פארשוואונדען דער „פּאָזיטיוו ספּוטום" אַלס אַ רעזולטאַט פון דער קאָמבינירטער דייעטעטיק־היגיענישער באהאַנדלונג. דאָס איז זעהר אַ מערקווירדיגער און וויכטיגער רעזולטאַט, ספּעציעל ווען מען נעמט דאָס אין אַנבאַטראַכט אין צוזאַמענהאַנג מיט די גרויסע געווינסען אין וואָג און מיט דער דורכשניטליך קורצער צייט וואָס די פּאַציענטען פאַרבלייבען אין אַנשטאַלט. דאָס דאַרף איינשטילען די קריטיקער, וועלכע האָבען טענות, אַז דאָס אויפהאַלטען פון דעם סאַניטאַריום קאָסט פאַרהעלטניסמעסיג צופיעל.

דורך דער צייט, וואָס דער וועטער האָט אַזוינס ערלויבט, האָט מען פאַר געוויסע פּאַציענטען אַראַנזשירט עקסערסייזעס אויף דער פרייער לופט אונטער דער אויפזיכט פון דר. היבש. די עקסערסייזעס זיינען געווען אַזוי אַראַנזשירט, אַז די פּאַציענטען זאָלען זיך צו ביסלאַכווייז צו זיי צוגעוואוינען. ווען דער וועטער האָט עס מעגליך געמאַכט האָט מען אויך די פּאַציענטען געגעבען טעראַפּאַטישע באהאַנדלונג — זון־ און לופט־בעדער. אונטער דער זעלבער אויפזיכט האָט מען זעהר פאַרזיכטיג אַ באַשרענקטע צאָהל פּאַציענטען ערלויבט צו מאַכען בריטהינג־עקסערסייזעס, צו פאַרבעסערען זייער אָטהעמען. ווי ווייט דאָס איז געווען מעגליך האָבען מיר געזעהן צו קאָנטראָלירען אויך די „וואָקינג עקסערסייזעס" פון די פּאַציענטען, זיי זאָלען ניט שפּאַצירען צופיעל אָדער צו אָפט. פאַר דעם צוועק האָבען מיר אויף פּאַסיגע פּלעצער אויסגעהאַנגען סיינס: „טרענטאָן", „פילאַדעלפיא", „ווילמינגטאָן", „באַלטימאָר" און „וואַשינגטאָן" און מיר האָבען פאַר יעדען איינציגען פון די פּאַציענטען באַשטימט ווי ווייט ער קען שפּאַצירען אין די גרעניצען. מיר האָבען אויך פאַר די פּאַציענטען געגעבען אַ געוויסע צאָהל פּראַקטישע לעקטשורס וועגען טובערקולאָזיס, וועגען שפּייז און זייער ווירקונג א. ד. ג.

אכטונגספול, דר. ל. ראָזענבערג.
מעדיקאל דירעקטאָר און סופּעראינטענדענט.

# באריכט פון דער עדיוקיישאַנאל קאָמיטע

דר. ב. האָפמאַן (צביון), טשערמאַן; ר. זאַלצמאַן, וויים־טשערמאַן; ה. בורגין, פּ. יודיטש און ס. יעלין.

די ארבייט פון דער עדיוקיישאַנאל קאָמיטע איז דאָס יאָהר באַדייטענד פאַרגרעסערט און בררייטער געוואָרען. צו די אַלטע אויפגאַבען פון דער עדיוקיישאַנאל קאָמיטע זיינען צוגעקומען נייע אויפגאַבען און נייע ארבייט.

מיט דעם וואוקס פון אונזער אָרדען וואַקסט אויך די ארבייט פון דער עדיוקיישאַנאל קאָמיטע, און די ארבייט פון דער עדיוקיישאַנאל קאָמיטע ווערט אימער שווערער דורך דעם פאַרהעלטניסמעסיג קליינעם בודזשעט, וואָס זי האָט. זי דאַרף ערפילען אַ סך אויפגאַבען מיט וועניג געלד, זי וויל צופריעדענשטעלען די אַלע פאַרלאַנגען וואָס קומען צו איהר פון די פאַרשיעדענע דיסטריקט און סיטי קאָמיטעס, ווי אויך פון די איינצעלנע בראַנטשעס, אָבער עס איז זעהר אַ שווערע אויפגאַבע אַלעמען צופריעדענצושטעלען מיט די קאַרגע מיטעל, וואָס די עדיוקיישאַנאל קאָמיטע באַזיצט.

אין דער ארבייט פון דער עדיוקיישאַנאל קאָמיטע איז דאָס יאָהר איינגעפיהרט געוואָרען אַ נייעס — די גרינדונג פון סיטי עדיוקיישאַנאל קאָמיטעס. ניט איבעראַל אָבער זיינען אָזעלכע קאָמיטעס געגרינדעט געוואָרען און מיט אומעטום, וואו אָזעלכע קאָמיטעס זיינען געגרינדעט געוואָרען, איז דער ערוואַרטעטער צוועק עררייכט געוואָרען. אין אַלגעמיין אָבער האָט זיך די פּראָבע פון איינפיהרען דיסטריקט און סיטי עדיוקיישאַנאל קאָמיטעס ארויסגעוויזען אַלס מעהר אָדער וועניגער ערפאָלגרייך, און מיר דענקען, אַז די דאָזיגע רעפאָרמע דאַרף אָנגעהאַלטען ווערען. מיר גלויבען, אַז מיט דער צייט וועלען די דיסטריקט און סיטי עדיוקיישאַנאל קאָמיטעס קריגען מעהר ערפאַהרונג אין דער ארבייט און וועלען ברענגען גוטע רעזולטאַטען.

אַ גרויסע מיטאַ פון ארבייט איז געפאַלען אויף דער סיטי עדיוקיישאַנאל קאָמיטע פון ניו יאָרק און אויב מיר קענען ניט זאָגען, אַז זי האָט געטאָן די ארבייט אין אַלע הינזיכטען צופריעדענשטעלענד, האָט זי דאָך פאַר דעם ערשטען פּראָבע יאָהר געמאַכט אַ גוטען רעקאָרד. אויב זי האָט ווען עס איז עטוואָס פאַרנאַכלעסיגט אָדער מאַנכעס מאָל ניט ערפילט איהר אויפגאַבע אויפ'ן בעסטען אופן, איז דאָס זיכער ניט געווען צוליעב איהר אונוויליגקייט צו ארבייטען אָדער צוליעב וועניג אינטערעסע אין דער ארבייט, נאָר צוליעב דער שווערקייט, גרויסקייט פון דער ארבייט און צוליעב דעם, וואָס די ארבייט איז געווען פאַר איהר נאָך אַ נייע. זי האָט אָבער זיך געגעבען אַלע מיה צו ערפילען די אויפגאַבען, וועלכע זיינען אויף איהר ארויפגעלעגט געוואָרען און האָט ארויסגעוויזען דעם גרעסטען ערנסט אין דער ארבייט, וואָס זי האָט זיך גענומען.

אַ נייע פּראָבע איז דאָס יאָהר געמאַכט געוואָרען פון דער עדיוקיישאַנאל קאָמיטע צו פאַראייניגען די עדיוקיישאַנאל ארבייט אין דער שטאָדט ניו יאָרק פון ארבייטער רינג מיט די יוניאָנס, באַזונדערס אויף דעם געביעט פון אָנהאַלטען געמיינשאַפטליכע לעקטשורס און קאָנצערטען. עס איז פאַר דעם צוועק געגרינדעט געוואָרען אַ פאַראייניגטע עדיוקיישאַנאל קאָמיטע, וועלכע איז באַשטאַנען פון ארבייטער רינג, אַמאַלגאַמייטעד קלאָדיהנג וואָירקערס יוניאָן, קעפּ מייקערס יוניאָן, פּאַריערס יוניאָן און איניגע קלענערע יוניאָנס. די עדיוקיישאַנאל קאָמיטע פון ארבייטער רינג האָט פאַר דעם צוועק בייגעטראָגען 500 דאָלאַר. דער חשבון איז געווען, אַז דורך אַזאַ פאַראייניגונג וועט ניט נאָר געשפּאָרט ווערען ארבייט און קאָסטען, נאָר די לעקטשורס וועלען זיין פיעל ערפאָלגרייכער. די מיטגליעדער פון ארבייטער רינג זיינען געוועהנליך אויך מיטגליעדער פון די

## נאַציאָנאַלע באָארד אף דירעקטאָרס 1918—1919



ערשטע רייהע (שטעהענדיג פון רעכטס צו לינקס): ה. דעי (מעין), אב. עפשטיין, ד. שויער (מינעסאָטא), י. באַסקין, א. ראסקין (וויסקאָנסין).
צווייטע רייהע (זיצענדיג פון רעכטס צו לינקס): ה. טייטעלמאן (פענסילווייניא), ל. בענענסאָן (אילינאָיז), ה. יאנאָווסקי (קאָנעקטיקוט), ב. סלאווין (ניו דזשוירזי), ע. סאָקאָלאָוו (מערילאנד), י. חלק (רהאוד איילאנד), מ. י. אשפיז (ניו־יאָרק), וו. ראזען (ווירדזשיניא), ל. יאספער (אָהייאָ), ס. שקלאווין (מישיגען).

# נאציאנאלע עקזעקוטיוו קאמיטע פון ארבייטער רינג

1918  1919


י. באסקין
גענ. סעקר.


ס. וואלאס
וויס טשערמאן


אב. עפשטיין
טשערמאן


ס. פערלאוויטץ
טרעזשורער


י. ב. ביילין


פ. גערשאנאוו


א. דינערשטיין


א. סילווערמאן


פ. געליעבטער
רעקארדינג סעק.


ז. שפייער

י. וויינשטיין

ל. רעטהמאן


מ. שפינראד


מ. גאלדרינג

19טע יעהרליכע קאַנווענשאָן אראנדזשמענט קאָמיטע פון דעטראָיט, מיש.



ערשטע רייהע (זיצענדיג פון רעכטס צו לינקס): ברוידיע, ביינדער, מילסטיין, בערענשטיין, שקלאווין, סלאון, דאקסער.
צווייטע רייהע (פון רעכטס צו לינקס): מאַרקוס, פישביין, מאגוליעווסקי, גיער, רובענשטיין, קולקין, שענדלאף, סילווער.
דריטע רייהע (פון רעכטס צו לינקס): גאדהעלף, ברייגין, בורשטיין, ליבערמאַן, הארוויטץ. מעלען, וויינער, ליוואַי.

פאַרשיעדענע יוניאָנס, און ווען דער ארבייטער רינג אָרגאַניזירט לעקטשורס באזונדער און די יוניאָנס וויעדער באזונדער, איז ניט נאָר וואָס עס ווערט פאַרשווענדעט דאָפּעלטע ארבייט און דאָפּעלטע קאָסטען, נאָר די לעקטשורס זיינען אויך ניט גוט באַזוכט, ווייל די באזוכער פון די לעקטשורס ווערען צוטיילט, א טייל געהען צו די לעקטשורס פון די יוניאָנס און א טייל צו די לעקטשורס פון ארבייטער רינג, און דער רעזולטאַט איז, אַזביידע זיינען ניט באזוכט. ווען אָבער די לעקטשורס וועלען אָרגאַניזירט ווערען פון א פאַראייניגטע קאָמיטע, וועט דער ערפאָלג זיין א גרעסערער און די קאָסטען קלענערע — אזוי האָט די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע גערעכענט. אָבער דער חשבון האָט זיך, ליידער, ארויסגעוויזען פאַלש. די אונטערנעהמונג איז געווען זעהר ווייט פון אַן ערפאָלג, און אונזער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע איז רייכער געוואָרען מיט נאָך אַן ערפאַהרונג. די נייע עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, וועלכע וועט אריינגעהן אין אמט, וועט דאַרפען נאָכדענקען, אויב עס איז ניט דער בעסטער וועג צו אָרגאַניזירען לעקטשורס אויך אין ניו־יאָרק דורך די איינצעלנע ברענטשעס. עס הייסט, אַז די הויפּט־ארבייט זאָל באַשטעהן אין העלפען די איינצעלנע ברענטשעס צו אָרגאַניזירען לעקטשורס. די ערפאַהרונג האָט אונז געוויזען, אַז די לעקטשורס, וועלכע זיינען אָרגאַניזירט געוואָרען פון די איינצעלנע ברענטשעס, זיינען פאַרהעלטניסמעסיג געווען גאַנץ ערפאָלגרייך. די מיטגליעדער פון ארבייטער רינג ווייזען ארויס מעהר אינטערעסע צו די לעקטשורס, וועלכע ווערען אָרגאַניזירט פון זייערע אייגענע ברענטשעס און זאָרגען צו מאַכען זיי פאַר אַן ערפאָלג, קומענדיג אליין און מיטברענגענדיג פריינד און באַקאַנטע. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט דאָס יאָהר פיעל מיטגעהאָלפען די איינצעלנע ברענטשעס אין אָרגאַניזירען לעקטשורס, פאַרלעזונגען און קאָנצערטען פאַר באַדייטענד ביליגערע פּרייזען, ווי עס וואָלט זיי געקאָסט, ווען זיי וואָלטען זיי געדאַרפט אָרגאַניזירען אָהן דער הילף פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע. די נעקסטע עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע וועט דאַרפען נאָכדענקען, אויב עס איז ניט ווינשענסווערט, אַז די סומע געלד, וואָס ווערט אויסגעגעבען צו אָרגאַניזירען אַלגעמיינע לעקטשורס אין ניו־יאָרק, זאָל בעסער אויסגעגעבען ווערען צו שטיצען די איינצעלנע ברענטשעס, באזונדערס די קלענערע, אַז זיי זאָלען קענען אראַנזשירען לעקטשורס און קאָנצערטען.

דער לעקטשור־טור, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרען מיט פריינד א. ש. זאַקס, איז געווען אַן ערפאָלג. ליידער האָבען פיעלע ברענטשעס דעם טור ניט געקענט אויסנוצען, ווייל זיי זיינען ניט געווען צופריעדען מיט די דאַטומס, וועלכע מען האָט זיי איינגעטיילט. די מייסטע ברענטשעס אין דער קאָנטרי ווילען האָבען לעקטשורס בלויז זונטאָג, און דאָס איז אונמעגליך. די זונטאַגס מוזען מייסטענס אָפּגעגעבען ווערען צו די גרעסערע שטעדט און עס מוז אזוי אראַנזשירט ווערען, אַז דער לעקטשורער זאָל קענען אויסנוצען דעם זונטאָג פאַר צוויי לעקטשורס — ביי טאָג און אין אָוועגד. צוליעב דער אונצופריעדענהייט פון מעהרערע ברענטשעס מיט די דאַטומס, וועלכע מען האָט זיי איינגעטיילט, זיינען מעהרערע לעקטשורס ארויסגעפאַלען פון דעם פּלאַן, ווי ער איז אָנפאַנגס אויסגעארבייט געוואָרען, און נאָר אויף אזוי פיעל האָט דער ערפאָלג פון טור געליטען. אויך פינאַנציעל איז דער טור געווען אַן ערפאָלג. געוועהנליך ווערט צו א לעקטשור טור צוגעלייגט אַרום 400 דאָלאַר און מיר האָבען גערעכענט, אַז ספּעציעל ווען די רייזע־קאָסטען און אַלגעמיינע הוצאות האָבען אזוי הויך געשטיגען, וועט אונז געווים נישט ווענינגער קאָסטען. אין דער ווירקליכקייט אָבער האָט מען דאָס יאָהר צום טור צוגעלעגט בלויז אַן ערך 260 דאָלאַר.

אויסער דעם לעקטשור טור מיט פריינד א. ש. זאַקס, זיינען אָרגאַניזירט געוואָרען פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע א גאַנצע רייהע לעקטשורס אין די שטעדט און שטעדטלאַך אַרום ניו־יאָרק מיט פאַרשיעדענע לעקטשורערס, און די מייסטע פון זיי זיינען געווען זעהר ערפאָלגרייך.

א גאַנץ נייע ארבייט פאַר דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע זיינען געווען די ארבייטער רינג שולען. די ארבייט האָט די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע אָנגעפאַנגען ניט האָבענדיג אפילו נאָך קיין פאָנד. דעם 2־סענט שטייער פאַר די שולען האָט מען איצט אָנגעפאַנגען איינמאָהנען אין דעם ערשטען קוואַרטאַל פון יאָהר 1919, וועהרענד די שולען האָט מען אָנגעפאַנגען אָרגאַניזירען אין אָקטאָבער. די קאָמיטע האָט זיך געדאַרפט רעכענען דערמיט, אַז אויסער וואָס דער פאָנד פאַר די שולען איז אין אַלגעמיין א קליינער, וועט מען דערצו נאָך דאָס יאָהר קריגען בלויז א העלפט פון דעם פאָנד, ווייל דער 2־סענט שטייער פאַנגט זיך אָן פון יאַנואַר. די ערשטע שולען זיינען געגרינדעט געוואָרען אין ניו יאָרק. עס זיינען געעפענט געוואָרען דריי שולען: איינע אין הארלעם, איינע אין וויליאַמסבורג און איינע אין בראָנזוויל. באַלד אָבער האָט מען זיך אָנגעפאַנגען צו ווענדען צו דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע פון פאַרשיעדענע גרעסערע און קלענערע שטעדט, אַז מען זאָל זיי העלפען גרינדען ארבייטער רינג שולען. ליידער האָבען ניט אַלע פאַרלאַנגען גלייך געקענט ערפילט ווערען. די הויפּט שוועריגקייט איז באַשטאַנען אין באַזאָרגען לעהרער.

די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע איז אין באַצוג צו רעקאָמענדירען לעהרער פאַר די שולען געווען זעהר פאָרזיכטיג, און פּאַסענדע לעהרער איז זעהר שווער צו קריגען, באַזונדערס פאַר די קאָנטרי שטעדט.

פון די ניו־יאָרקער שולען איז די הארלעמער די ערפאָלגרייכסטע. דער ערפאָלג פון די שולען העגגט הויפּטזעכליך אָפּ פון די שול־קאָמיטעס. אויב עס איז פאַראַן אַן ענערגישע, ארבייטזאַמע שול־קאָמיטע, דאַן איז די שול זיכער מיט אַן ערפאָלג. די לעהרער, וועלכע זיינען אָנגעשטעלט אין די ארבייטער רינג שולען פון ניו־יאָרק, זיינען אויפ'ן העכסטען גראַד צופריעדענשטעלענד. אַלע פון זיי זיינען אינטעליגענטע מענשען, איבערגעגעבענע סאָציאַליסטען, פאַרשטעהען אויסגעצייכענט זייער פאַך און זיינען איבערגעגעבען צו זייער ארבייט.

אויסער ניו יאָרק איז געעפענט געוואָרען א שול אין נואַרק, וועלכע איז באַזאָרגט געוואָרען מיט אַן אינטעליגענטען גוטען לעהרער און עס איז אויך איבערגענומען געוואָרען די שול אין פּעטערסאָן, וועלכע האָט באַקומען פון אונז שטיצע. אין די ווייטערע שטעדט פון ניו־יאָרק איז געעפענט געוואָרען איין שול אין מיִוואָוד און דריי שולען זיינען אָרגאַניזירט געוואָרען אין שיקאַגאָ, וועלכע דאַרפען די טעג געעפענט ווערען.

די באַוועגונג צו עפענען ארבייטער רינג שולען האָט זיך זעהר שנעל פאַרשפּרייט איבער'ן גאַנצען לאַנד. עס זיינען אָבער פאַראַן צוויי שוועריגקייטען: געלד און לעהרער.

אויף וויפיעל מיר וויסען פון ניו יאָרק ווערען די ארבייטער רינג שולען פאַררעכענט ביי די מיטגליעדער פון ארבייטער רינג, וועלכע שיקען אַהין זייערע קינדער, אַז א ספּעציעלער בענעפיט. די קינדער ליעבען די שולען, לערנען זיך גוט, און די עלטערען זיינען זעהר פאַראינטערעסירט, אַז זייערע קינדער זאָלען די שולען באַזוכען.

אין אַלגעמיין האָבען מיר באַשלאָסען צו שטיצען אויך א ר. שולען אין ענגליש, אויב נאָר זייער פּראָגראַם וועט זיין אין איינקלאַנג מיט אונזערע פּרינציפּען.

דער ארבייטער רינג אָרקעסטער, וועלכער איז פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע געגרינדעט געוואָרען, מיט א יאָהר צוריק, האָט זיך ארויסגעוויזען פאַר א גרויסען ערפאָלג. דער אָרקעסטער איז געגרינדעט געוואָרען אַלס א ברענטש פון ארבייטער רינג און ער עקזיסטירט אַלס אַזעלכער. ער באַשטעהט פון צוויי טיילען — פון א סימפאָניע אָרקעסטער און מאַנדאָלין אָרקעסטער, און ביידע האָבען זיך אין פאַרלויף פון יאָהר זעהר גוט ענטוויקעלט. דער אָרקעסטער האָט אין פאַרלויף פון ווינטער געגעבען מעהרערע קאָנצערטען ביי גרעסערע ארבייטער־רינג אונטערנעהמונגען, ווי אויך פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און ער האָט געוואונען א ציעמליך גרויסע פּאָפּולאַריטעט.

דער אָרקעסטער האָט אויך ארויסגעוויזען גוטע אָרגאַניזאַציאָנס־פעהיגקייטען אַלס ברענטש פון ארבייטער רינג. ער האָט אויך אָרגאַניזירט א גוטע מוזיק־שול אונטער דער אויפזיכט פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, וואו עס ווערט געלערנט מוזיק צו קינדער פון ארבייטער רינג מיטגליעדער פאַר ביליגע פּרייזען פון ערשט־קלאַסיגע לעהרער אויף פאַרשיעדענע אינסטרומענטען.

דער ארבייטער רינג כאָר האָט דאָס יאָהר קיין ווייטערדיגע ענטוויקלונג ניט ארויסגעוויזען, און די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע

# עדיוקיישאָן פאָנד

## איינגאַהמען און אויסגאַבען פאַר דעם יאָהר 1918 אין פערגלייך מיט 1916 און 1917

| איינגאַהמען | 1916 | 1917 | 1918 |
|---|---|---|---|
| טאַנצען קלאַס | $261.60 | ——— | ——— |
| באַלאַנס פון לעצטען יאָהר | ——— | ——— | ——— |
| פון לעקטשורס | 30.45 | ——— | ——— |
| פיפעלס יוניווערסיטי | 16.00 | ——— | ——— |
| פון דיוס | 2,943.56 | 4,139.54 | 4,320.06 |
| פון סינגינג פאַר | 75.10 | ——— | ——— |
| טאָטאל איינגאַהמען | $3,326.71 | $4,139.54 | $4,320.06 |
| ערלוסטען פון געשטראָכענע מעמבערס | 54.37 | 93.99 | 42.41 |
| טאָטאל נעט איינגאַהמען | $3,272.34 | $4,045.55 | $4,277.65 |
| גרענד טאָטאל | $4,048,90 | $4,956.94 | $5,541.66 |

| אויסגאַבען: | 1916 | 1917 | 1918 |
|---|---|---|---|
| קאָנצערטען | 87.10 | 17.00 | 190.14 |
| האָלס | 565.50 | ——— | 143.00 |
| רעילראוד פעירס | 27.00 | 6.66 | 22.34 |
| קאָמיטעס | 160.17 | 214.29 | 244.19 |
| לעקטשורס | 943.90 | 1,054.87 | 1,036.72 |
| פרינטינג און סטיישאָנערי | 275.86 | 98.97 | 66.30 |
| אַדווערטייזמענטס | 372.45 | ——— | 85.58 |
| פערשיעדענעס | 17.05 | 22.68 | 74.01 |
| פאָסטיידזש | 58.21 | 50.19 | 52.04 |
| סעקרעטערים סאַלאַרי | 114.00 | 630.00 | 567.50 |
| טעלעפאָן און טעלעגראַמס | 80.02 | 53.74 | 5.25 |
| עקספרעסעדזש | ——— | .28 | 3.00 |
| סינגינג אינסטראַקטאָר | 420.00 | 675.00 | 650.00 |
| האַדסאָן קאָ. עדיוקיישאָנאל קאָמיטע | ——— | 15.00 | ——— |
| סיטי עדיוקיישאָנאל קאָמיטע | ——— | ——— | 122.40 |
| באַלטימאָר עדיוקיישאָנאל קאָמיטע | 50.00 | ——— | 31.00 |
| פילאַדעלפיא עדיוקיישאָנאל קאָמיטע | 125.00 | 235.80 | 125.00 |
| ראטשעסטער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע | ——— | 5.00 | 15.00 |
| שיקאַגאָ עדיוקיישאָנאל קאָמיטע | 141.00 | 75.00 | ——— |
| דעטראָיט עדיוקיישאָנאל קאָמיטע | ——— | ——— | 25.00 |
| נואַרק עדיוקיישאָנאל קאָמיטע | 25.00 | ——— | ——— |
| טיקעטס | 12.50 | ——— | ——— |
| עקסטרא אָפיס אַרבייט | 39.57 | 1.50 | 4.22 |
| טאַנצען קלאַס | 197.65 | 205.10 | ——— |
| מיטינג רום | 5.50 | ——— | ——— |
| סינגינג באָר | 22.47 | 53.75 | 90.95 |
| לעסאָנס אין אידיש | 30.00 | ——— | 129.10 |
| צייט-פערלוסט פון קאָמיטעס | 6.00 | ——— | 122.75 |
| סיינס. | 8.50 | 2.50 | 20.00 |
| צוטיילונג פון לעקטשור סיינס | 30.50 | ——— | ——— |
| טעאַטער דעפאָזיט | 50.00 | ——— | ——— |
| פיפעלס יוניווערסיטי | 30.45 | 472.14 | ——— |
| סירקולאַרס | 39.81 | ——— | ——— |
| בראָשורען (לעקטשורס) | 152.00 | ——— | ——— |
| לאָס ענדזשעלעס עדיוקיישאָנאל קאָמיטע | ——— | 25.00 | ——— |
| פראווידענס עדיוקיישאָנאל קאָמיטע | ——— | 25.00 | ——— |
| טאָראָנטא עדיוקיישאָנאל קאָמיטע | ——— | 25.00 | ——— |
| האַרטפאָרד עדיוקיישאָנאל קאָמיטע | ——— | 25.00 | ——— |

| | | | |
|---|---|---|---|
| — | 15.00 | — | אלבאני עדיוקיישאנאל קאמיטע |
| — | 15.00 | — | באפאלא עדיוקיישאנאל קאמיטע |
| — | 100.00 | — | נאטוראליזיישאן איד ליעג דאנוויישאן |
| 113.48 | 30.91 | — | מואווינג פיקטשורס |
| 529.65 | 30.00 | — | ארקעסטרא |
| 25.00 | — | — | דעטראיט באר |
| 25.00 | — | — | מילוואקי באר |
| 40.00 | — | — | מילוואקי עדיוקיישאנאל קאמיטע |
| 51.65 | — | — | נאטען |
| 54.00 | — | — | מוזיקאלישע אינסטרומענטען |
| 16.00 | — | — | אידישע שולען |
| $4,630.27 | $4,180.38 | $4.037.21 | טאטאל אויסגאבען |
| 352.62 | 184.83 | 764.87 | דעפיציט פאר'ן יאהר |
| 911.39 | 776.56 | 11.69 | דעפיציט פון פאריגען יאהר |
| $1,264.01 | $911.39 | $776.56 | טאטאל דעפיציט |

„פריינד איננאהמען און אויסגאבען פאר דעם יאהר 1918 אין פארגלייך מיט די יאהרען 1917 און 1916

| 1918 | 1917 | 1916 | |
|---|---|---|---|
| $1,436.54 | — | — | באלאנס פון לעצטען יאהר |
| | | | איננאהמען: |
| 17,280.24 | 16,558.16 | 14,454.58 | דיוס פון מעמבערס |
| $18,716.78 | $16,558.16 | $14,454.58 | סך הכל |
| 169.64 | 375.72 | 260.71 | פערלוסט פון געשטראכענע מעמבערס |
| $18,547.14 | $16,182.44 | $14,194.17 | טאטאל נעט איננאהמע |
| — | 824.46 | 887.67 | דעפיציט |
| $18.547.14 | $15,357.98 | $13,306.50 | גרענד טאטאל |

| | | | |
|---|---|---|---|
| | | | אויסגאבען: |
| 376.17 | 235.49 | 42.93 | אדרעסען פליימס |
| 37.92 | 106.28 | 254.70 | סטיישאנערי |
| 5,510.11 | 4,499.37 | 8,931.55 | דרוקען דעם „פריינד" |
| 633.76 | 594.87 | 462.25 | עקספרעסעדזש און דעליווערי |
| 556.67 | 486.26 | 344.31 | מיילינג און פאקען |
| 1,329.06 | 1,229.20 | 1,305.43 | פאסט אפיס מויל |
| 155.57 | 118.48 | 87.37 | קאמיטעס |
| 1,367.00 | 1,344.00 | 837.50 | סאלארים |
| 1,057.00 | 1,080.00 | 1,080.00 | רעדאקטארס סאלארי |
| 57.63 | 47.59 | 20.19 | עקסטרא ארביים |
| 593.25 | 339.00 | 170.00 | שרייבער פאר ארטיקלען |
| 71.89 | 32.46 | 6.88 | פערשיעדענעס |
| 180.00 | 150.00 | 150.00 | אפיס רענט |
| 50.00 | 50.00 | 50.00 | עלעקטריק |
| 17.50 | 150.61 | 89.00 | קאסט |
| 120.00 | 120.00 | 120.00 | מאשינערי |
| — | — | 168.85 | בעגס |
| 8.80 | — | 10.00 | אדווערטייזינג |
| — | 90.84 | — | פיקסען מאשינערי |
| 3,618.14 | 3,211.68 | — | פייפער פיר דעם „פריינד" |
| 12.18 | — | — | ציימונגען און זשורנאלען |
| $15,752.65 | $13,921.44 | $14,130.96 | טאטאל אויסגאבען |
| — | — | 824.26 | דעפיציט |
| 2,794.49 | 1,436.54 | — | באלאנס |
| $18,547.14 | $15,357.98 | $15,306.50 | גרענד טאטאל |

האט באשלאסען, אז דער כאר זאל רעארגאניזירט ווערען אין א ברענטש פון ארבייטער רינג, און קירצליך וועט די רעארגאניזאציאן וואהרשיינליך דורכגעפיהרט ווערען.

די „פרייע אידישע ביהנע", וועלכע עקזיסטירט אלס בר. פון א. ר. און שטעהט אונטער דער אויפזיכט פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע, האט אויך דאס יאהר געטאן גוטע ארבייט צו דער צופריעדענהייט פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע און פון פיעלע ברענטשעס פון ארבייטער רינג און פון דער סאציאליסטישער פארטיי, פאר וועלכע זי האט צוגעשטעלט פארלעזער, רעקלאמאטארס און דורכגעפיהרט טעאטער־פארשטעלונגען.

מיט דער שטיצע פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע איז אויך ארגאניזירט געווארען אן ארבייטער רינג כאר און אן ארבייטער רינג ארקעסטער אין דעטראיט. אן ארבייטער רינג כאר איז אויך ארגאניזירט געווארען אין פעטערסאן. מיר האבען אויך געשטיצט דעם א. ר. כאר און ארקעסטער אין מילוואקי.

די עדיוקיישאנאל קאמיטע האט אויך דאס יאהר פארטגעזעצט די ארבייט פון ארויסגעבען פאפולערע וויסענשאפטליכע ביכער פאר ביליגע פרייזען. עס געפינען זיך אין דרוק די פאלגענדע ביכער: זאאלאגיע (די אפשטאמונג, ענטוויקלונג און לעבען פון חיות) — א רייך אילוסטרירט בוך פון איבער 350 זייטען, געשריבען פון דר. האפמאן (צביון); כעמיע מיט אילוסטראציעס, ארום 200 זייטען, געשריבען פון אינזשינער כעמיקער ס. פיינסטאן; אריפמעטיק און ערשטע כללים פון געאמעטריע, מיט פיעלע ביישפיעלע און צייכנונגען (פאר זעלבסט־אונטעררכט), געשריבען פון ה. בורגין; פיזיאלאגיע, מיט אילוסטראציעס, געשריבען פון דר. י. מעריסאן; פאליטישע עקאנאמיע, פון א. ש. זאקס, און די קאאפעראטיווע באוועגונג (געשיכטע, ענטוויקלונג און צושטאנד אין פארשיעדענע לענדער), געשריבען פון א. סטאלינסקי. עס ווערט אויך פארפאר־

טיגט צום דרוק א גרעסערע אידישע כרעסטאמאטיע פון דר. מ. אלגין.

דער ביכער פארלאג פון ארבייטער רינג האט זיך ביז איצ[ט] ארויסגעוויזען פאר א גוטע אונטערנעהמונג. די ביכער ווערע[ן] צו מיטגליעדער פון א. ר. פארקויפט פאר וועניגער ווי איהאלב[ע] פרייז, ווייל קיין פריוואטע אונטערנעהמונג קען ניט ארויס־ געבען ביכער פאר אזא ביליגען פרייז און קען זיי ניט דרוקע[ן] אין אזא גרויסער אויפלאגע, ווי דער א. ר. טוט עס. מיר האבע[ן] אויך פארקויפט 2000 עקזעמפליארען פון דעם מארקס יובי[] לעאום בוך. בכלל האט די עדיוקיישאנאל קאמיטע ארויסגע[] שיקט פון אפיס גופא איבער דרייסיג טויזענד ביכער, אנשטאט[] איבערצוגעבען עס צו בוך־הענדלער, ווי פריהער. מיר האבע[ן] אויך ארויסגעגעבען די מוזיק צו 5 פאפולערע ארבייטער ליעדע[ר] פון י. שייפער, אין 4 שטימען, פאר אונזערע כארען.

דער „פריינד" איז אונטער דער רעדאקציאן פון פריינ[ד] י. ב. בײלין באדייטענד פארבעסערט געווארען און פון די אינ[] פארמאציאנען, וואס מיר האבען געקראגען פון ברענטשעס או[ן] פון איינצעלנע מיטגליעדער פון ארבייטער רינג, ווערט איצ[ט] דער „פריינד" פיעל מעהר געלעזען.

די עדיוקיישאנאל קאמיטע דריקט דערביי אויס איהר א[נ]־ ערקענונג צו פריינד בײלין, דעם רעדאקטאר פון „פריינד" או[ן] סעקרעטער פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע, פאר זיין איבער־ געבענהייט צו דער ארבייט, וואס אויף איהם איז ארויפגעלעג[ט] געווארען, און ארבייט האט ער דאס יאהר געהאט זעהר פיע[ל].

מיר באגריסען די דעלעגאטען צו דער קאנווענשאן און מי[ר] האפען, אז די קאנווענשאן אין דעטראיט וועט פיעל בייטראגע[ן] צו דער וויטערדיגער ענטוויקלונג און ערפאלג פון דער עדיו[] קיישאנאל ארבייט אין אונזער אלעמענס באליעבטען ארדען.

# באריכט פון דער נײשאנאל באארד אוו דירעקטארס

## צו די דעלעגאטען פון דער 19טער קאנווענשאן און צו אלע מעמבערס פון ארבייטער רינג

ווערטע פריינדע:—

מיט א געפיהל פון גרויס צופריעדענהייט שרייבען מיר דיעזען באריכט. אונזער לאגע איז היי־יאהר א סך גינסטיגער ווי פאריגען יאהר. פאראיאהרען זיינען מיר נאך געווען „גרין" אין אונזער אמט. מיר האבען געדארפט זיין זעהר פארזיכטיג בעפאר מיר האבען געוואגט צו מאכען א באשטימטען סטייטמענט, נאך אלעמען איז עס דאך געווען אונזער ערשטער צוזאמענפאהר, אונזער ערשטער בליק, און ווער ווייס? פיליייכט האבען מיר גאר א טעות, פיליייכט אז מיר וועלען שפעטער בעסער זיך צוקוקען וועלען מיר געפינען אז אונזער ערשטע אפשאצונג איז ניט ריכטיג?

די לאגע איז גאנץ אנדערש היינט: מיר זיינען שוין אין אמט באלד אנדערהאלבען יאהר. פאר דער צייט האבען מיר שוין געהאט 3 צוזאמענפאהרען. מיר האבען פון יעדער פארוואלטונגס קאמיטע 3 מאל אפגענומען באריכטען, געמאכט אינטערפעלאציאנען און געקראגען אנטווארטען. אונזערע קאמיטעען האבען פאר דער צייט שוין 8 מאל באזוכט דעם סאניטאריום און אונז אפגעגעבען באריכטען; מיט איין ווארט: מיר זיינען איצט אימשטאנד צו זאגען און צו באריכטען אונזערע באשטימטע איינדריקע און מיינונגען וועגען די ארבייט פון דער נאצ. עקז., גענ. סעק. און דעם אפיס אין אלגעמיין אהן שום מורא טאמער האבען מיר געמאכט א טעות. אין דער זעלבער צייט פרעהט עס אונז וואס די גוטע מיינונג, וואס מיר האבען באקומען פון די פארוואלטער פון א. ר. ביי אונזער ערשטען צוזאמענפאהר, איז ביי אונזערע וויטערע צוזאמענפאהרען נאך פיעל פארשטארקט געווארען.

### אונזערע באציהונגען צו דער נאצ. עקז.

פאר דער גאנצער צייט זינט אונזער אינסטאליישאן זיינען אונזערע באציהונגען מיט דער נאצ. עקז. געווען העכסט פריינד־ ליכע. עס איז ניט די פריינדשאפט פון גוטע ברידער, נאר פון

קאמעראדען, וועלכע ארבייטען צוזאמען פאר איין אידעאל או[ן] איין צוועק.

ווען מיר זיינען מיט מאנכע פראגען ניט געווען איינשטי[מ]־ מיג, אדער עס איז אונז מאנכעס ניט געווען גענוג קלאר, האבע[ן] מיר געשטעלט פראגען און ארויסגעזאגט אונזער מיינונג. ס'[] זיינען שוין אבער גענוג דערוואקסען צו פארשטעהן, אז עס א[יז] אונמעגליך פאר צוויי באזונדערע פארוואלטענדע קאמיטע[ן] וועלכע זיינען פארשיעדענארטיג צוזאמענגעשטעלט, צו זיין א[יינ] אלע פראגען איינפארשטאנדען. מיר האבען אבער אלע פא[] געהאט דעם באוואוסטזיין, אז די נאצ. עקז. איז ערענסט א[ון] אויפריכטיג אין איהרע באשליסע, און אויב אפילו דא אדע[ר] דארט זיינען מיר מיט דער מיינונג, אז א קאמיטע האט אמא[ל] געדארפט האנדלען מעהר שטרענג און ענערגיש, זיינען מי[ר] אבער איבערציינגט, צו דער זעלבער צייט, אז זייער האנדלונ[ג] איז דאך דער רעזולטאט פון זייערע ערנסטע איבערציינגונגען.

אין א געמיין שרייבען מיר זיך אונטער און מיר באשטע[]־ טיגען די גוטע מיינונג, וואס מיר האבען ארויסגעזאגט וועגע[ן] דער נאצ. עקז. קאמ. אין אונזער באריכט פון לעצטען יאהר וועלכער לעזט זיך ווי פאלגט:

### די נאציאנאלע עקז. קאמ. און איהר ארבייט

די פארוואלטענדע קאמיטעען באזונדער און די נאציאנאלע עקזע[]־ קוטיווע אלס גאנצע, ווי אויך דער גענ. סעקרעטער, האבען אונז איבער[]־ געגעבען גענויע, אויספיהרליכע באריכטען פון זייער ארבייט, טעטיג[]־ קייט, דעם צושטאנד פון אפיס, פארמעגען און די פאנדס פון אר[ב.] רינג. די איינצעלהייטען זיינען שוין געווען באריכטעט אין אונזע[ר] ראפארט אין „פריינד" און עס איז ניט נויטיג דאס זעלבע צו ווידע[ר]־ האלען. מיר ווילען נור באטאנען, אז די עקז. קאמ. פון דיעזען יאהר באשטעהט פון גוטע, פעהיגע מענשען, וועלכע באציהען זיך ערנסט [צו] זייער ארבייט פאר'ן וואוילזיין פון ארב. רינג און דאס יעדע קאמיט[ע] טרייעט איהר בעסטעס דורכצופיהרען איהר ארבייט מיט ערפאלג. דא[ס] איז דער איינדרוק וואס מיר האבען ביי אונזער דריי־טאגיגען צוזא[]־ מענפאהר באקומען פון די באריכטען, אינטערפעלאציאנען און פראגע[ן] וואס מיר האבען צו דיעזע באריכטען געשטעלט, דיסקוסיאנען וו[אס]

מיר האָבען מיט זיי געהאַט איבער מאַנכע פונקטען און אויך פון דעם געמיינשאַפטליכען מיטינג וועלכען מיר האָבען געהאַט צוזאַמען.

דאָסזעלבע קען אויך געזאָגט ווערען פון אונזער גענעראל סעקרעטער, וועלכער מאַכט דעם איינדרוק צו זיין אַ גוטער, פּינקטליכער מענעדזשער, וואָס זוכט צו שאַפען, וואו נאָר מעגליך, עפּישענסי און עקאָנאָמיע און האָט די אַמביציע צו זעהן אַז אַלע פאַרשיעדענע פאָנדס פון אַרב. רינג, די קליינע אַזוי גוט ווי די גרויסע, זאָלען זיך געפינען אין אַ גוטען, זיכערען צושטאַנד.

צום קרעדיט פון פר. י. באַסקין ווילען מיר זאָגען, דאָס פאַר'ן לעצטען יאָהר האָט ער באַוויזען איבערצוצייגען אַפילו דעם וואָס איז אָנפאַנגס געווען זיינער אַ געגנער, אַז ער איז אַן אויסגעצייכענטער סעקרעטער, און דער באַטרעפענדער האָט עס צוגעגעבען ביי אונזער לעצטען צוזאַמענפאָהר.

## אַפּיעלס און קלאַגען.

די לעצטע קאָנווענשאָן און דער לעצטער רעפערענדום האָבען באַשלאָסען אַז די רעכטע פון דער נ. ב. א. ד. באַצוג אַפּיעלס, זאָל פאַרגרעסערט ווערען, און מיר זאָלען האָבען דאָס רעכט אויפצונעהמען אַפּיעלס אין אַלגעמיין.

פאַר דעם לעצטען יאָהר האָבען מיר געהאַט צוויי אַפּיעלס נעגען ענטשיידונגען פון דער נאַצ. גריוועַנס קאָמ. און צוויי קלאַגען: איינע געגען דער האַנדלונג פון דער נאַצ. גר. קאָמ. און די צווייטע געגען דער נאַצ. עקז. אַלס גאַנצע. כאַראַקטעריסטיש איז אַז די צוויי אַפּיעלס זיינען ביידע געווען אַריינגעקומען נאָך דעם ווי די געזעצליכע 30 טעג צו אַפּעלירען, זיינען געווען פאַראיבער.

### אַפּיעל נומער 1.

בר. 181 האָט אַפּעלירט געגען די ענטשיידונג פון דער גריוועַנס קאָמ. אַז זייערער אַ מעמבער זאָל ניט קריגען קיין בענעפיט ווייל דער עקספּערט פון א. ר. האָט ענטשיעדען, אַז דאָס איז אַ ספּעציעלע פּרויען קראַנקהייט פאַר וועלכע דער אַ. ר. צאָהלט ניט קיין בענעפיט.

אַזוי ווי דער אַפּיעל איז אַריינגעקומען נאָך דער געזעצליכער צייט האָבען מיר נ ו ר ר ע ק אָ מ ע נ ד י ר ט צו דער גריוועַנס קאָמ. נאָך אַמאָהל אויפצונעהמען די קיים. דער בר. האָט געקליימט אַז זיי האָבען סטייטמענטס פון דאָקטוירים־ספּעציאַליסטען, אַז דאָס איז ניט קיין פּרויען קראַנקהייט און מיר האָבען געוואָלט אַז דער בראַנטש זאָל האָבען אַ געלעגנהייט צו באַווייזען אַז זיין קליים איז אמת און דער מעמבער זאָל דאַן ניט פאַרלירען דאָס וואָס איהם קומט געזעצליך.

### אַפּיעל נומער 2.

דער צווייטער אַפּיעל איז געווען פון בר. 80. דיזען אַפּיעל האָבען מיר נאָך ניט ענטשיידעט, אָבער מיר באַריכטען די אורזאַכען וואָס האָבען געמאַכט מיר זאָלען דעם אַפּיעל אויפנעמען הגם ער איז געמאַכט געוואָרען נאָך דער געזעצליכער צייט.

די קאָמיטע פון בראַנטש האָט צום מיטינג געבראַכט אַ בריעף פון דער עקז. אין וועלכען זיי זיינען אינפאָרמירט געוואָרען „אַז זיי קענען אַפּעלירען צו דער נייש. באָ. אָוו דירעקטאָרס וועלכע מיטעט אָנפאַנגס יאַנואַר." צוליעב דיזען בריעף האָבען זיי געמיינט אַז זיי דאַרפען קומען און אַפּעלירען צו אונזער צוזאַמענפאָהר.

די נ. ב. א. ד. האָט אַנערקענט אַז דאָס וואָס דער אַפּיעל איז ניט אַריינגעקומען אין צייט, איז ניט צוליעב דעם בראַנטשס שולד און דערפאַר האָבען מיר דעם אַפּיעל אויפגענומען.

### קלאַגע נומער 1.

בר. 330 האָט פאַרקלאָגט דער נאַצ. גר. קאָמ. פאַר אַרויסטראָגען אַן ענטשיידונג געגען זיי, נאָך אַ הירינג ביי וועלכען זייער בראַנטש איז פאַרטיידיגט געוואָרען פון איינעם וואָס איז געזעצליך פון זיי דערצו בעפאָלמעכטיגט געוואָרען.

מיר האָבען ענטשיידען דאָס הגם מיר צווייפלען ניט אַז די ענטשיידונג פון דער גריוועַנס קאָמ. איז אוראי געווען אונפּאַרטייאיש, דאָך איז יעדער איינער באַרעכטיגט אַליין אָדער דורך אַ פּיציעלע פאַרטרעטער צו ווערען אויסגעהערט דירעקט פון דער נאַנצער גריוועַנס קאָמ. איידער אַן ענטשיידונג ווערט אַרויסגעגעבען און דערפאַר זאָל די גריוועַנס קאָמ. די קיים אויפנעהמען איבער אַ נייעס.

### קלאַגע נומער 2.

פר. מ. פּאָזעס, מעמבער בר. 87 האָט פאַרקלאָגט דער נאַצ. עקז. ווארום זי האָט פון איהם אַוועקגענומען דאָס געזעצליכע רעכט צו זיין אַ מעמבער אין דער נאַצ. עקזעק. — ווען זיין נעכסט איז געקומען אויסצופילען אַ וואַקאַנסיע. די עקז. האָט אָנגעגעבען אַלס אורזאַכע, אַז ער איז אַן אָנגעשטעלטער אין „פריינד" און לויט אַרטיקעל 16 פּאַראַגראַף 6 און 7 פון אונזער קאָנסטיטושאָן, קען ער קיין עקז. מעמבער ניט זיין. דער אַנקלעגער האָט געטענה'עט, אַז זיין אַרבייט דויערט נור 9 טעג אין מאָנאַט. ער איז נישט אַנערקענט אָפיציעל אַלס אָנגעשטעלטער און ער אַרבייט ניט קיין צוויי וואָכען נאָכאַנאַנד און דאַרום מעג ער זיין איין עקז. מעמבער.

מיר האָבען ענטשידען אַז די קלאַגע דאַרף צוריקגעוויזען ווערען. און די ענטשיידונג פון דער נאַצ. עקז. דאַרף ווערען גוטגעהייסען צוליעב פאָלגענדען גרונד: עס וואָלט געווען ניט ריכטיג צו לעזען די ווערטער פון דער קאָנסטיטושאָן און זיך ניט רעכענען מיט דעם גייסט פון דעם אָדער יענעם געזעץ, דער געדאַנק פון אַריינשטעלען אַזעלכע פּונקטען אין דער קאָנסטיטושאָן איז געווען, אַז בייטאָג זאָל איינער ניט אַרבייטען אונטער די אויפזיכט פון סעק. און אין אָווענד ווערען זיין באַלעבאָס, אַלס מעמבער פון דער נאַצ. עקז. פר. פּאָזעס אַרבייט אין אָפיס פאַר די לעצטע עטליכע יאָהר און זיינע שכירות באַטרעפט אַרום 550 דאָלאַר אַ יאָהר און עס וואָלט געווען ניט־ריכטיג, אַז ער זאָל קענען זיין אַן עקזעקוטיוו מעמבער.

### אונזער ענטשיידונג אין דער בר. 600. קיים

די לעצטע קאָנווענשאָן האָט אונז איבערגעגעבען נאָכאַמאָל צו פאַרהאַנדלען די קיים פון אייזיקסאָן מעמב. בר. 600, וועלכען עס איז ענטזאַגט געוואָרען זיין קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט, ווייל ער איז קראַנק געוואָרען בעפאָר 6 מאָנאַטען.

אונזער ענטשיידונג האָט אומגעוואָרפען די אַלטע ענטשיידונג פון דער פאָריגער נ. ב. אָ. ד. און ג. ג. די האַנדלונג פון דער עקז. אַז זיין בענעפיט זאָל איהם יאָ אויסגעצאָהלט ווערען. די פאַקטען פון דיזער קיים זיינען, אַז דער מעמבער האָט זיין קראַנקהייט ניט געזוכט צו באַהאַלטען. ער האָט עס געמעלדען בעפאָר 6 מאָנאַטען — ווייל ער האָט געוואָלט געהן מיט'ן אמת, די עקז. האָט נאָך דאַן געהאַט אַ רעכט איהם אויסצושליסען, אויב זיי האָבען עס ניט געטהאָן, איז ער באַרעכטיגט צו קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט.

### אונזער סאָב־גריוועַנס קאָמיטע.

אונזער סאָב גריוועַנס קאָמיטע בעשטעהענד פון די פריינדע ב. סלאָווין פון ניו דזשוירזי, ה. יאַנאָווסקי פון קאָנעקטיקוט,*) ה. טייטעלמאַן פון פּענסילווייניא און מ. י. אשפּיז פון ניו יאָרק, האָבען אַטענדעט צו די גריוועַנס קייסעס און די רוטינע אַרבייט וואָס איז צו זיי איבערגעגעבען געוואָרען פון אונזערע צוזאַמענפאָהרען. זייער אַרבייט, האָט אונז פיעל געהאָלפען. געמאַכט פאַר אונז מעגליך צו פאַנאַנדערקלייבען זיך אין די איינצעלהייטען פון די פאַרשידענע גריוועַנס קייסעס און אַזוי נאָך אַרויסצוברייננען ריכטיגע אונפּאַרטייאישע אורטיילע.

### אונזערע געמיינשאַפטליכער מיטינג מיט דער נאַצ. עקז.

ביי אונזער צווייטען צוזאַמענפאָהר אין דזשולי 1918, האָבען מיר געהאַט אַ געמיינשאַפטליכען מיטינג מיט דער נאַצ. עקז. קאָמ. מיר פון אונזער זייט האָבען געהאַט 3 פראַגען פאַרצוברייננען:

1. באַצאָהלטע אָרגאַניזערס פאַר'ן אַ. ר.
2. די דירעקטאָרען זאָלען באַזוכען די נאָהענטע שטעדט אין זייערע רעספּעקטיווע סטייטס.
3. וועגען די העכערונג אין ריילראָוד פּעער.

1) די פראַגע פון באַצאָהלען אָרגאַניזערס איז נאָך געווען אויף אונזער טאַגעס אָרדנונג, ביי דעם ערשטען צוזאַמענפאָהר.

---

*) פר. ה. יאַנאָווסקי איז ערוועהלט געוואָרען אַלס ספּעציעלער גר. קאָמ. מעמבער צו האַנדלען אין אַ קלאַגע געגען איינעם פון אונזער גריוועַנס קאָמיטע.

דאָן איז ניט געבליבען גענוג צייט די פראַגע צו דיסקוטירען און עס איז אָבגעלייגט געוואָרען צום צווייטען צוזאַמענפאָהר.

2) די פראַגע, אז דירעקטאָרען זאָלען באַזוכען די נאָהענטע שטעדט אין זייערע סטייטס, איז ארויפגעשוואומען דערפאַר, ווייל די נ. ב. א. ד. אַבוואָהל דאָס איז אַ קאָמיטע וועלכע קאָסט דעם אַ. ר. טויזענדער, האָבען אָבער די מעמבערס אַ גאַנץ קליינעם באַגריעף פון אונזער טעטיגקייט. דאָס איז דערפאַר אייל מיר מיטען זעלטען און אפילו פון דאָס וואָס מיר מיטען האָבען מיר ניט קיין מעגליכקייט צו באַריכטען. מיר זיינען מיט דער מיינונג אז א ד י ר ע ק ט אָ ר ד א ר ף ז י י ן פ ו ן א י י ן ז י י ט, ד ע ר א מ ב א ס אַ ד אָ ר פ ו ן ז י י ן ס ט י י ט צ ו ם ד ז ש ע נ ע ר אַ ל אָ פ י ס א ו ן פ ו ן צ ו ו י י ט ע ן ז י י ט ד א ר ף ע ר ז י י ן, ד ע ר נ י ט ב אַ צ אָ ה ל ט ע ר אָ ר ג אַ נ י י ז ע ר פ ו ן א. ר. א י ן ז י י ן ר ע ס פ ע ק ט י ו ו ע ן ס ט י י ט. אַלס אַזעלכער, דאַרף ער האָבען דאָס רעכט צו מאַכען עקספענסעס כדי צו באַזוכען די נאָהענטע שטעדט אין זיין סטייט פאַר די אינטערעסען פון א. ר., ווי אויך צו באַריכטען פון אונזערע צוזאַמענפאָהרען.

3) די ריילראוד פראַגע איז געווען אַ נייע. גלייך נאָך אונזער פאַראיאָהריגער קאָנווענשאָן איז אָפיציעל אַנאָנסירט געוואָרען, אַז די רעגיערונג העכערט די ריילראוד פרייזען אויף איין דריטעל. דיזע העכערונג האָט איינפאַך געמיינט, אַז מעהר ווי העלפט פון אונזערע דירעקטאָרען זאָלען ניט האָבען די מעגליכקייט צו קומען צום צוזאַמענפאָהר. דער סעק. פון דער נ. ב. א. ד. האָט וועגען דער זאַך באַראַטהען מיט'ן גענ. אָפיס און לויט זייער עצה. האָט ער צו די דירעקטאָרען געשריבען, אַז דעם ריזק פון די קאָסטען פאַר דעם צווייטען צוזאַמעפאָהר זאָל יעדער דירעקטאָר געהמען אויף זיך. אָבער מען וועט וועגען דער פראַגע האָבען אַ געמיינשאַפטליכען מיטינג און זעהן וואָס עס קען דערצו געטהאָן ווערען.

די נאַצ. עקז. פון איהר זייט האָט אויך געבראַכט 3 פראַגען צום געמיינשאַפטליכען מיטינג.

1. קאַמפיין פאַר 70,000 מעמבערס.
2. קאַמפיין פאַר 10,000 דאָלאַר פאַר'ן סאָציאַליסטישען מיליאָן דאָלאַר פאָנד.
3. ווייטערע הילפע פאַר די מלחמה קרבנות.

די פראַגען וועלכע די נאַצ. עקז. האָט געבראַכט, זיינען גלייך פון די דירעקטאָרען אינדאָסירט געוואָרען און מיט באַגייסטערונג האָט יעדערער זיך פאַרפליכטעט צו העלפען אַז די 3 קאַמפיינס זאָלען זיין אַ גרויסער ערפאָלג.

איבער אונזערע פראַגען זיינען די באַשלוסען געווען ווי פאָלגט:

וועגען די ריילראוד פעער איז באַשלאָסען געוואָרען, אַזוי ווי דאָס איז אַן עמוירדזשענסי פאַל, זאָל די העכערונג אין דעם רייט, אויסגעצאָהלט ווערען צו יעדען דירעקטאָר, ביז צו דער נעכסטער קאָנווענשאָן וועלכע זאָל אין דיעזער פראַגע האַנדלען.

די פראַגע, צו באַזוכען נאָהענטע שטעדט, איז די נאַצ. עקז. ניט געווען דערפון שטאַרק באַגייסטערט. ס'זעהט אוים אַז זיי זיינען געווען אין צווייפעל צי אַ ל ע דירעקטאָרען זיינען פעהיג צו פאַרטרעטען די אינטערעסען פון אַ. ר. אַלס זיינע אונבאַצאָהלטע אָרגאַנייזער, זיי האָבען געזאָגט, אַז מיט די וועלכע זיי האַלטען פאַר פעהיג דערצו, וועלען זיי געווים זיך באַנוצען ביי פאַרשיעדענע געלעגנהייטען. די פראַגע אַלס גאַנצע איז דאַרום געבליעבען הענגען אין דער לופטען.

## אַ קאָנסטיטוציאָנעלע אויסטייטשונג.

דער 6טער פונקט וועגען באַצאָהלען אָרגאַנייזערס איז אַ פראַגע אין וועלכע אַלע זיינען געווען פרינציפיעל איינשטימיג, אָבער וועלכע איז פראַקטיש געווען אונדורכפיהרבאַר. די לעצטע קאָנווענשאָן, האַנדלענדיג אין דער פראַגע פון באַצאָהלטע אָרגאַנייזערס, האָט באַשלאָסען ("פריינד„ יוני 1918 פיידזש 34) אַז „די נאַצ. עקז. קאָמ. זאָל האָבען דאָס רעכט אַנצושטעלען באַצאָהלטע אָרגאַנייזערס — „פון צייט צו צייט — ווען זיי וועלען עס געפינען פאַר נויטיג."

די פראַגע איז דאַרום געווען וואָס האָט די קאָנווענשאָן געמיינט מיט'ן אויסדרוק: „פון צייט צו צייט?" עס איז פון אַלעמען פאַרשטאַנען געוואָרען, אַז דיזער אויסדרוק מאַכט עס אונמעגליך צו קריגען אַ פאַסענדען מענשען אַלס אָרגאַנייזער. די פראַגע איז אונז איבערגעגעבען געוואָרען צום אויסטייטשען, וואָס פאַר אַ צייט־טערמין דיזער אויסדרוק באַדייט?

אונזער אויסטייטשונג איז געווען ווי פאָלגט:

„אין פאַל די נאַצ. עקז. קומט צום שלוס, דאָס עס איז נויטיג פאַר אַ געוויסער צייט אָנצושטעלען אַן אָרגאַנייזער, אום דורכצופיהרען אַ באַשטימטען טהייל פון די אויסגעאַרבייטע פלענער פון דעם אגיטאַציאָנס קאַמפיין, האָט זי דאָס רעכט פאַר דיזער צייט אָנצושטעלען אַ באַצאָהלטען מענשען, וועלכער זאָל דורכפיהרען דיזע טייל־אַרבייט. די נ. ב. גלויבט ניט אַז מיט דעם אויסדרוק „פון צייט צו צייט" האָט מען געמיינט אַ באַשטימטען טערמין פון וואָכען אָדער מאָנאַטען; עס מיינט נור אַז דער טערמין פון דעם באַצאָהלטען אָרגאַנייזער דאַרף זיך ענדיגען אַזוי שנעל, ווי די אַרבייט איז דורכגעפיהרט און עס זאָל זיך דערפון ניט ענטוויקלען קיין „פערמאַנענטער־אָרגאַנייזער", און דאָס איז די עקז. אליין קאָמפעטענט צו באַשטימען דעם גרענעץ."

דיעזע איינציגע, נאָך אונזער מיינונג, ריכטיגע אויסטייטשונג האָבען מיר געגעבען, אָבוואָהל מיר האָבען געוואוסט, אַז דאָס פאַרזינגעלט די מעגליכקייט צו קענען האָבען אַ באַצאָהלטען אָרגאַנייזער פאַר'ן אַ. ר. דיזען יאָהר.

## די אַרבייט אין האַרמאָניע פון דער נ. ב. א. ד.

עס איז כדאי צו ציהען די אויפמערקזאַמקייט פון די דעלעגאַטען אויף דעם פאַקט, דאָס די היינטיגע נ. ב. א. ד. איז די ערשטע פאַר פיעלע יאָהרען, וואָס איז פריי פון אַ זאָגענאַנטען לינקען פליגעל. ביז יעצט איז עס געווען אַ נאַטירליכע ערשיינונג, אַז נאָך דעם ווי די אָפיציעלע באַריכטען פון דער נ. ב. א. ד. זיינען ערשינען אין דער פרעסע, פלעגט זיך יאָווען אַן איינצעלנער דירעקטאָר מיט אַ מינאָריטעט מיינונג אָדער מיט אַ באַריכט אין וועלכען ער פלעגט זוכען צו מאַכען צונישט די טעטיגקייט פון דער נ. ב. א. ד. אַלס גאַנצע און עס פלעגט זיך דאָן אָנפאַנגען אַ סדרה פון פּאָלעמיקעס. דאָס איז ניט דער פאַל היינט.

מיר האָבען ביי אונזערע צוזאַמענפאָהרען געהאַט פיעלע פראַגען אין וועלכע מיר זיינען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען אָבער טראָץ דעם אַלעם, האָבען מיר דאָך געפיהלט אַ גרויסען רעספעקט און זיך באַצויגען ערנסט צום צווייטענס מיינונג. דאָס האָט אונז מעגליך געמאַכט צו זיין האַרמאָניש און אַרבייטספעהיג. דאָס האָט פיעל צוגעגעבען צו דער אויטאָריטעט און צו דעם פּרעסטיעדזש פון דער נ. ב. א. ד. עס צייגט נאָכאַמאָל אַז דער אויסוואָהל פון די מעמבערס איז געווען אַ געלונגענער.

## וואַקאַנסען:

מיר האָבען דעם לעצטען יאָהר, געהאַט אַ וואַקאַנסיע אין דער נ.־ב. אַ. ד. פר. ח. קינבורג מעמבער בר. 317 און דירעקטאָר פון מעיף האָט רעזיגנירט — ווייל ער האָט פאַרלאָזען דעם סטייט. אויף זיין פּלאַץ איז ערוועהלט געוואָרען פר. ה. דיי. מעמ. בר. 171.

צו אונזערע צוזאַמענפאָהרען זיינען געווען אַבוועזענד צוליעב געניגענדע אורזאַכען די פאָלגענדע דירעקטאָרען: פר. י. חלק צום צווייטען צוזאַמענפאָהר — צוליעב פאַמיליען אַנגעלעגענהייטען; און פר. י. מאַטענקאָ צום דריטען צוזאַמענפאָהר — צוליעב קראַנקהייט.

## אונזערע רעקאָמענדיישאָנס צום קאָנווענשאָן.

פון דעם באַריכט פון אונזער צוזאַמענפאָהר אין פעברואַר „פריינד" איז צו זעהן, אַז די־נ. ב. אַ. ד. קומט צו דיזער קאָנווענשאָן מיט רעקאָמענדיישאָנס וועלכע אויב זיי וועלען אַלע ווערען אָנגענומען — און אַזוי האָפען מיר טאַקע — וועט מאַכען אַ זעהר גרויסע ענדערונג אין אונזער פאַרוואַלטונגס פאָרם און אויך האָבען אַ גרויסען איינפלוס אויף דער צוקונפט פון אַ. ר.

ווען מיר האָבען געהאַנדעלט אין דער פראַגע פון פאַרוואַלטונג האָבען מאַנכע אונז געזאָגט, אַז עס איז ניט צייטיג. אין 1920 ווערט דאָך ערוועהלט אַ קאָנסטיטושאָן־רעוויזיאָנס־קאָמיטע, נו וועט זי שוין רעקאָמענדירען אַלעס נויטיגעס. מיר זיינען אָבער געווען איבערצייגט, אַז דער אַ. ר. קען ניט וואַרטען ביז 1922 — ווען די ענדערונגען וואָס דיזע קאָמיטע וועט מאַכען — אויב אָנגענומען — וועלען אריין אין קראַפט. מיר ווילען אַז אויב אונז וועט געלינגען איבערצוצייגען דער קאָנווענשאָן און די מעמ־

בערם, אז די ענדערונגען זיינען נויטיג, זאָלען זיי קענען אריין אין קראפט אין 1919 — מיט 3 יאָהר פריהער.

א פאָאר ווערטער וועגען אונזער רעקאָמענדיישאָן גוטצומאכען 25 פראָצענט פון מאַרטשורי פאָנד, צו די וועלכע זיינען אריין אין א. ר. — בעפאָר די רייטס זיינען אָנגענומען געוואָרען — אין עלטער פון 35 יאָהר און העכער. דיזע רעקאָמענדיישאָן איז פון אונז נאָך געמאכט געוואָרען צו דער לעצטער קאָנווענשאן אָבער דורך א פארזעהן איז עס דאַן ניט אויפגענומען געוואָרען. מיר דענקען דערפאַר, אז אצינד איז עס אונבאדינגט נויטיג די פראגע צו סעטלען איינמאָהל פאר אלע מאָהל, אהין אָדער אהער.

## די נ. ב. א. ד. אין דער צוקונפט.

פאר די לעצטע יאָהרען, זינט די קאָנטראָל קאָמיטע איז אָבגעשאפט געוואָרען, איז די נ. ב. א. ד. פאקטיש, די איינציגע קערפערשאפט וועלכע דארף אכטונג געבען אויף די ארבייט פון די פארוואלטענדע קאָמיטעען:

די קאָנסטיטושאָן האָט פאר אונז באשטימט צוויי צוזאמענפאָהרען יעדען יאָהר, דיזע ארבייט צו אטענדען.

וואָלטען מיר באשטאנען פון צוריקגעצויגענע אלטע לייט, וועלכע זוכען נור יוצא צו זיין מיט א לייכטע ארבייט, אבי עס זאָל הייסען אז מען איז א פארוואלטער און מען איז טעטיג, איז מעגליך, אז דאָס וואָלט אונז געשטעלט צופרידען. נו באשטעהט אָבער דער פערסאָנאל פון דער נ. ב. גראדע פון יונגע ענערגישע מענשען, און מיר שטעלען זיך דארום ניט צופרידען מיט אזא באגרענצטע טעטיגקייט און מיר פאָדערען: גיט אונז ארבייט, גיט אונז א מעגליכקייט צו זיין אזוי טעטיג פאר'ן א. ר. ווי איהר פארוואלטער פון ניו יאָרק!

אונזער שטאנדפונקט איז דורכאויס, אז א דירעקטאָר דארף זיין פון איין זייט „דער אמבאסאדאָר פון זיין סטייט צום דזשענעראל אָפיס און פון צווייטען זייט, דארף ער זיין דער ניט באצאָהלטער אָרגאניזער פון א. ר. אין זיין רעספעקטיווען סטייט.“ מעגליך אז מאנכע וועלען זאָגען, אז פאר דיזער ארבייט איז אונזער פערזאָנאל ניט גענוג פעהיג. נו זאָגען מיר, אויב דאָס איז דער פאל, האָבען מיר פון אונזער זייט ניט דאגעגען, אויב די מעמבערס רעכענען אז מיר זיינען ניט די פעהיגע מענשען פאר דיזער אויפגאבע, אז אנדערע, פעהיגערע זאָלען ערוועהלט ווערען צו דער נ. ב. א. ד. מיר זיינען אָבער דורכאויס דערפאָר אז פאר דער נ. ב. א. ד. אלס אזעלכע, מוז געשאפען ווערען ברייטערע מעגליכקייטען פאר מעהר אינטענסיווע טעטיגקייט. מיר האלטען דעם אמט פון א דירעקטאָר פאר זעהר א הויכען און פאראנטוואָרטליכען און דערפאר ווילען מיר, אז די בעסטע מענשען זאָלען אלס דירעקטאָרען ערוועהלט ווערען און עס איז דאריבער זעהר נויטיג, אז די נ. ב. א. ד. זאָל ווערען א לעבעדיגע קאָמיטע מיט וויכטיגע פונקציאָנען. מיר ווילען פון קיינעם די גלאָרי ניט אוועקנעהמען, אָבער מיר גלויבען אז אין ארב. רינג איז פאראַן גענוג מעגליכקייטען פאר אונז, צו שפּילען א גרעסערע ראָלע אין א. ר. און ווערען א וויכטיגער פאקטאָר ניט אָנריהרענדיג די גלאָרי פון קיינעם.

## שלום-וואָרט

מיר ווילען באדאנקען די דעלעגאטען און די מעמבערס פאר דער עהרע און צוטרוי וואָס זיי האָבען אונז די גאנצע צייט ארויסגעוויזען אָנערקענענדיג אונזער אויטאָריטעט און אָננעהמענדיג אונזערע באשליסע און רעקאָמענדיישאָנס.

מיר ווילען אייך פארזיכערען אז די ביסעל צייט וואָס אונז איז נאָך פארבליבען צו פונקציאָנירען, וועלען מיר פונקט אזוי עהרליך, אויפריכטיג און איבערגעבען, אטענדען צו אונזערע פליכטען, ווי ביז יעצט.

מיר שליסען אונזער באריכט מיט דער האָפנונג אז די נייע פעריאָדע פון פרידען וועט אָבווישען די טרערען פון פארצווייפלונג און פעסימיזם און די זונן פון פרייהייט וועט צוריק שיינען און ערפרישען אונז און ערמונטערען צו ווייטערע ארבייט און גרעסערע ערָאָבערונגען.

די דעלעגאטען צום קאָנווענשאָן ווינשען מיר, אז זייער ארבייט זאָל זיין פרוכטבאר און ברייגגען די בעסטע רעזולטאטען פאר'ן ארב. רינג.

מיט פריינדליכען גרוס,

**נייטשאָנאל באָארד אָוו דירעקטאָרס.**

נ. ב. אונזערע רעקאָמענדיישאָנס וועט איהר געפינען אויף אן אנדער פלאַץ צוזאמען מיט די רעקאָמענדיישאָנס פון דער נאצ. עקז. קאָמ.

# פיונעראל בענעפיט באריכט

דיזער בענעפיט, ווי אין די פריהערדיגע יאָהרען, ווערט פארוואלטעט פון דעם סעמעטערי דעפארטמענט, אונטער דער אויפזיכט פון דער דרייער־פיונעראל קאָנטראָל קאָמיטע, ערוועהלט פון דער נאציאָנאלער קאָנווענשאן פון ארבייטער רינג. דיזע קאָמיטע באשטעהט פון פריינדע ל. בעצאחלער, מעמבער בר. 195, אלס טשערמאן; ס. נודעלמאן, בר. 275, אלס סעקרעטער, און ל. דינערשטיין, מעמבער בר. 99.

מיט דעם גרויסען וואוקס פון די מעמבערס פון ארבייטער רינג ווערט אויך דיזע ארבייט פארגרעסערט. מיר גיבען אייך דאָ איבער די וויכטיגסטע פראגען, וועלכע האָבען געפאָדערט אונזער אויפמערקזאמקייט אונטער דער צייט פון אונז פארוואלטונג.

מיר האָבען דורכגעפיהרט דעם רעפערענדום וועגען פארגרעסערען דעם פיונעראל טעקס. אין א באזונדערען פלאַץ פון דיזען ראפּאָרט וועט איהר געפינען דעם רעפערענדום וועלכער צייגט מיט וויפיעל שטימען די פראגען זיינען דורכגעגאנגען. עס איז ווערטה צו באמערקען, אז דער בענעפיט, ווי אויך דער טעקס, זיינען פארגרעסערט געוואָרען אין א גינסטיגער צייט, ווייל קירצליך נאָך דעם ווי די נייע רייטס זיינען אריין אין קראפט, האָט זיך אונטערגערוקט די עפּידעמיע, און ווען ניט די געהעכערטע רייטס פון ביידע זייטען וואָלטען די ברענטשעס, ווי אויך דער דעפארטמענט, שווער געליטען.

ווי איהר וועט זעהן פון דעם פינאנציעלען באריכט, האָבען מיר אויסגעצאָהלט איבער דרייסיג טויזענד דאָלאר פיונעראל בענעפיט, כמעט מיט זעקס און צוואנציג טויזענד דאָל. מעהר ווי אין א נאָרמאלען קווארטאל. דיזע אויסערגעוועהנליכע גרויסע אויסגאבע האָט אין גאנצען אָפּגעווישט דעם סוירפּלוס, וועלכען דיזער דעפארטמענט האָט פארמאָגט. עס האָט אויך געמאכט א דעפיציט פון גענויע פיער טויזענד דאָלאר. אין אנדערע ווערטער הייסט עס, אז דער סעמעטערי דעפארטמענט איז יעצט דער שפּייזער פון דעם פיונעראל בענעפיט דעפארטמענט, און וועט אויך מוזען איהם לייסטען די פינאנציעלע שטיצע, אין וועלכער דער דעפארטמענט וועט זיך נויטיגען אויך אין דעם לויפענדען קווארטאל. ווייל די עפּידעמיע, אָבוואָהל ניט ווי עס איז געווען, דאָך זיינען די טויטען־פעלע נאָך ווייט פון נאָרמאל, און זאָגאר דיזען קווארטאל וועט זיין א גרויסער דעפיציט.

אין אלגעמיין, קען קיין דעפארטמענט ניט עקזיסטירען אָהן א פאָנד, און א חוץ דעם וואָס מיר נויטיגען זיך אין געלד, אום אָפּצוצאָהלען דעם חוב צום סעמעטערי דעפארטמענט, מוזען מיר אויך שאפען א סוירפּלוס, אָהן וועלכען דער דעפארטמענט קען ניט עקזיסטירען. פאָלגליך, האָבען מיר באשלאָסען, מיט דער צושטימונג פון דער דרייער־פיונעראל קאָנטראָל קאָמיטע, צו עטאָבלירען א ספּעשעל פיונעראל טעקס פון פינף סענט א קווארטאל, פון וועלכע טעקסעס מיר וועלען דעקען דעם דעפיציט, ווי אויך זאמלען א סוירפּלוס פאר דעם פיונעראל דעפארטמענט. אזוי שנעל ווי דיזער טעקס וועט ווערען אן אוננויטווענדיגקייט, וועט ער אָפּגעשאפט ווערען.

מיר האָבען אויך געהאט איינינע סכסוכים מיט ברענטשעס וועגען אויסצאָהלען פיונעראל בענעפיט פאר מעמבערס פרויען און קינדער, וועלכע זיינען געשטאָרבען נאָכ'ן מעמבערס טויט, אָבער ליידער האָבען מיר ניט געקענט דעם פארלאנג נאָכקומען. אזוינע פעלע זיינען געווען ליידער פיעלע, און אין יעדען פאל

האָט דער ענטפער געמוזט זיין ניט קיין צופריערענשטעלענדער פאַר די ברענטשעס. מיר האָבען אָבער אויסגעצאָהלט פיונעראַל בענעפיט אין איינינגע פעלע זאָגאַר ווען דער מעמבער איז געוועזן טויט, בעפאָר דער צווייטער מיטגליעד פון דער פאַמיליע איז געשטאָרבען. אָבער דאָס איז געטאָן געוואָרען דערפאַר, ווייל דער מעמבער איז דורך די אויסערגעוועהנליכע אומשטענדען נאָך ניט געווען באערדיגט.

## די פילאדעלפיא סעמעטערי קאָמיטע

אין דער רעכטער צייט פון דער עפּידעמיע האָבען מיר באַקומען אַ ספּעשעל דעליווערי בריעף פון דער פילאַדעלפיער סעמעטערי קאָמיטע, וועלכע בעטען, אַז מיר זאָלען זיי העלפען באערדיגען זייערע טויטע. די ערשטע זאַך וואָס מיר האָבען געטאָן איז, געבעטען דעם אַנדערטייקער, אַז ער זאָל אַהין אַוועקפאָהרען און זעהן אויב מעגליך מיט וואָס ער קען זיי באַהילפיג זיין. ער האָט עס געטאָן, אָבער דעם זעלבען טאָג האָבען זיך גענומען פאַרגרעסערען די טויטען־פעלע דאָ אין ניו־יאָרק און ער האָט מעהר ניט געקענט פאָהרען אַהין. מיר האָבען גלייך אַרויסגעשיקט אַ קאָמיטע פון סעמעטערי דעפּאַרטמענט, אום צו באַראַטען זיך מיט יענע פריינדע און זעהן וואָס מען קען טאָן און העלפען אין דעם גרויסען טרויער. אונזער קאָמיטע האָט דאָרט געפונען אַ שרעקליכען צושטאַנד. די טויטע קערפּערס זיינען געלעגען, און ווער עס זאָל זיי באערדיגען איז ניט געווען. דער אַנדערטייקער, וועלכער האָט געהאַט מיט זיי אַ יעהרליכען קאָנטראַקט, האָט דיעזען קאָנטראַקט אָפּגעבראָכען, און קיין צווייטען האָבען זיי ניט געקענט געפינען. דער סעמעטערי דע־פּאַרטמענט האָט זיי גלייך אויסגעליגען טויזענד דאָלאַר, אום זיי זאָלען קענען קויפען די נויטיגע זאַכען, אום די קערפּערס אויף די סעמעטערים אַוועקצופיהרען. דיעזע טויזענד דאָלאַר איז זיי געגעבען געוואָרען אויף דעם באַדינג, אַז עס זאָל אַרונ־טערגערעכענט ווערען פון די פיונעראַל בענעפיט, וועלכע די פילאַדעלפיער ברענטשעס וועלען נאָכהער מאָהנען. אויף דעם האָבען זיך די ברענטשעס, וועלכע האָבען אונזער קאָנפערענץ ביינגעוואוינט, אונטערגעשריבען. נאָך אַ לענגערער צייט האָבען די פילאַדעלפיער ברענטשעס אָנגעפאַנגען אַריינצושיקען די נויטיגע פּאַפּיערען דאָס געלד צו קריגען, אָבען ווען מיר האָבען די אויסגעליגענע געלד אַרונטערגענומען, האָבען די ברענטשעס פּראָטעסטירט.

די ברענטשעס דאַרפען וויסען איין זאַך, אַז מיר האָבען קיינע פאָנדס פאַר ספּעציעלע, אויסערגעוועהנליכע פעלע, און פאָלגליך מוזען מיר האַנדלען געזעצליך. מיר האָבען געהאַט איינינגע קאָנפערענצען מיט די ברענטשעס, ביי וועמען די טויטען־פעלע האָבען פּאַסירט, אָבער די לאַגע פון דיעזע ברענ־טשעס איז אַ טרויעריגע, ווייל ווען דער אַנדערטייקער האָט מיט זיי דעם קאָנטראַקט אָפּגעבראָכען, זיינען זיי געווען געצוואונ־גען צו מאַכען גרויסע אויסגאַבען, אום זייערע טויטע צו באַ־ערדיגען, און עס געפינען זיך איינינגע ברענטשעס, וועמען אַ פיונעראַל האָט געקאָסט הונדערט אָדער צוויי הונדערט דאָלאַר מעהר ווי די רעגעלמעסיגע אויסגאַבען.

פאָלגליך, פאָדערען זיי, אַז דער פיונעראַל דעפּאַרטמענט זאָל זיי דיעזעס געלד גוטמאַכען, און די איינציגע זאַך וואָס מיר קענען זיי ענטפערען איז, אַז אויב זיי וועלען זיך ווענדען צום קאָנווענשאַן, און אויב די דעלעגאַטען וועלען זיי דיעזעס געלד גוטמאַכען, וועט דער פיונעראַל דעפּאַרטמענט עס זיכער אויס־צאָהלען. מיר דאָ, אין ניו יאָרק, זעהען ניט איין קיין וועג, ווי אַזוי מיר קענען עס טאָן; ווייל מיר גלויבען, אַז יערע שטאָדט האָט געהאַט איהר טייל פון דיעזע אויסערגעוועהנליכע גרויסע אויסגאַבען, און אויב מיר זאָלען גוטמאַכען פאַר איין שטאָדט, זעהען מיר ניט איין, וואַרום אויך ניט פאַר דער צווייטער, און דאַן וועלען מיר דאַרפען אויסצאָהלען אַ שעהנע פּאָר טויזענד דאָלאַר. יעדענפאַלס, ווי שוין געזאָגט, לאָזען מיר עס איבער צו דער פיונעראַל סעשאָן פון אַרבייטער־רינג קאָנווענשאַן, און וואָס דער באַשלוס וועט זיין, וועט זיך דער סעמעטערי דע־פּאַרטמענט אונטערוואַרפען.

| | | |
|---|---|---|
| באַלאַנס סורפּלוס פון לעצטען יאָהר — — — | | $22,741.35 |
| 70טער קוואַרטאַל פיונעראַל אַסעסמענטס געטשאַרדזשט צו ברענטשעס — — | $5,356.32 | |
| 71טער קוואַרטאַל פיונעראַל אַסעסמענטס געטשאַרדזשט צו ברענטשעס — — | 5,429.70 | |
| 72טער קוואַרטאַל פיונעראַל אַסעסמענטס געטשאַרדזשט צו ברענטשעס — — | 5,529.84 | |
| 73טער קוואַרטאַל פיונעראַל אַסעסמענטס געטשאַרדזשט צו ברענטשעס — — | 6,576.64 | |
| טאָטאַל טשאַרדזשעס ביז יאַנואַר 1טען 1919 — | | $22,892.50 |
| גרענד טאָטאַל — — | | $45,633.85 |
| 70טער קוואַרטאַל פיונעראַל בענעפיט קרעדיט צו ברענטשעס — — — | $5,604.00 | |
| 71טער קוואַרטאַל פיונעראַל בענעפיט קרעדיט צו ברענטשעס — — — | 6,599.00 | |
| 72טער קוואַרטאַל פיונעראַל בענעפיט קרעדיט צו ברענטשעס — — — | 4,724.00 | |
| 73טער קוואַרטאַל פיונעראַל בענעפיט קרעדיט צו ברענטשעס — — — | 305,546.00 | |
| | $47,473.00 | |
| 70טער קוואַרטאַל געטשאַרדזשט פאַר אַדמיניסטריישאַן — — — — — | $ 247.13 | |
| 71טער קוואַרטאַל געטשאַרדזשט פאַר אַדמיניסטריישאַן — — — — — | 452.30 | |
| 72טער קוואַרטאַל געטשאַרדזשט פאַר אַדמיניסטריישאַן — — — — — | 330.95 | |
| 73טער קוואַרטאַל געטשאַרדזשט פאַר אַדמיניסטריישאַן — — — — — | 348.95 | |
| | $1,379.33 | |
| 70טער קוואַרט. געשטראָכענע מעמבערס | $ 142.26 | |
| 71טער קוואַרט. געשטראָכענע מעמבערס | 135.80 | |
| 72טער קוואַרט. געשטראָכענע מעמבערס | 138.70 | |
| 73טער קוואַרט. געשטראָכענע מעמבערס | 99.34 | |
| | $ 516.10 | |
| טאָטאַל קרעדיט ביז יאַנואַר 1טען 1919 — | | 49,368.43 |
| דעפיציט צום 1טען יאַנואַר 1919 — — — | | $ 3,734.58 |

די מויערען פון יריחו ברעכען צוזאַמען אונטער דעם שאַל פון די שופרות פון דער צייט.

* * *

...מיט דעם פולען פאָנד פון 130 טויזענד דאָלער פאַר אַן אייגע־נעם פּרינטינג וועט די סאָציאַליסטישע „קאָל“ נאָך העכער קענען אויפ־הייבען דעם קול אין די אינטערעסען פון דעם אַרבייטער־קלאַס...

* * *

די פּוילישע וואַזשנע העלדען, וואָס האָבען עס אונטערדריקט די פּינסקער „פאַרשווערונג“, האָבען נאָך פאַרגעסען צוצוגעבען, אַז די 88 „באָלשעוויקעס“, וואָס זיי האָבען הינגעריכטעט, זיינען געכאַפּט גע־וואָרען אין דעם מאָמענט, ווען זיי האָבען געגעבען זייער שבועה לעניג׳ען — דעם באַרבאַרישען מאָסקאַל..

דער געוועזענער מעמבער פון ברענטש, וואָס האָט פאַראַיאָהרען פאַרנאַכלעסיגט צו באַצאָהלען זיין ביל אין צייט און איז דערפאַר געשטראָכען געוואָרען — איז יעצט גרייט צו פאַרריכטען זיין טעות. ער וואַרט אָבער איהר זאָלט איהם קומען געבען דעם ערשטען אנשטויס צו דעם.

* * *

דער אַרבייטער־רינג וועט טאַקע נישט אָרעמער ווערען אין געלד, ווען מ׳וועט מיסברויכען אַ געוויסען בענעפיט, אָבער ער וועט אָרעמער ווערען מיט אַן עהרליכען מעמבער...

* * *

עס בליהט דער פריהלינג, עס שיינט די זון און עס גרינען די גרעזער, אָבער נישט פאַר די, וואָס זיצען אונטער די אייזערנע גראַטען...

# רעקאָמענדאַציאָנען צו דער קאָנוואַנשאַן

## פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע

1) דער אַסעסמענט פאַר דעם אָרגאַניזאַציאָנס פאָנד זאָל זיין 3 סענט פער מעמבער פער קוואָרטאַל, ווי לעצטען יאָהר.

2) דער אַסעסמענט פאַר'ן קראַנקען בענעפיט פאָנד זאָל בלייבען ווי לעצטען יאָהר, 90 סענט פער מעמבער פער קוואָרטאַל, נאָר 5 פּראָצענט פון דעם אַסעסמענט זאָל אוועקגעלעגט ווערען אויף אַ ספּעציעלען קראַנקען בענעפיט רעזערוו פאָנד.

3) פרויען מעמבערס זאָלען ניט זיין בארעכטיגט צו קיין קראַנקען בענעפיט, אויב די קראַנקהייט איז אַ דירעקטער רעזולטאַט פון שוואַנגערשאַפט, ענטבינדונג און זויגען אַ קינד.

4) די קאָנווענשאַן זאָל באַשטימען אַ געוויסע סומע, וואָס זאָל פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו איינגעטיילט ווערען צווישען פאַרשיעדענע אידישע האָספּיטאַלס אין די גרעסערע שטעדט אַלס יעהרליכע ביישטייערונג.

5) די עקזעקוטיוו קאָמיטע זאָל באַשטעהן פון 5 ספּעציעלע דעפּאַרטמענט קאָמיטעס: אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, סאַניטאַריום קאָמיטע, גריוועָנס קאָמיטע און אָפּיס קאָמיטע (די אָפּיס קאָמיטע זאָל אויך האָבען די פונקציאָנען פון דער יעצטיגער בענעפיט קאָמיטע).

6) קאַנדידאַטען צו דער פאַרוואַלטונג זאָלען ארויסגעשטעלט ווערען אויפ'ן רעפערענדום באַלאָט, באַזונדער פאַר יעדער ספּעציעלער קאָמיטע.

7) צו העכערען די אינשורענס פּאָליסים אויף טויזענד דאָלאַר, און די איבריגע סומע, וואָס אַ מעמבער וועט העכערען זיין פּאָליסי ביז 1000 דאָלאַר, זאָל געצאָהלט ווערען אויף פולע רייטס, לויט די יעצטיגע יאָהרען פון דעם מיטגליעד. די איינטריטס־געלד זאָל זיין ניט מעהר ווי 4 דאָלאַר, ווען אפילו די אינשורענס פּאָליסי איז אויף 1000 דאָלאַר (יעדער מעמבער וואָס העכערט זיין פּאָליסי מוז האָבען אַ נייע מעדיקאַל און יורין עקזאַמינייזשאַן).

8) נעהמענדיג אין אנבאַטראַכט, אַז דער קאָנווענשאַן פאָנד וועט האָבען אַ היבשען דעפיציט נאָך דער קאָנווענשאַן אין דעטראָיט, רעקאָמענדירען מיר, אַז די קומענדע 20טע יעהרליכע קאָנווענשאַן פון אַרבייטער רינג זאָל זיין אַ געוועהנליכע, און זאָל אָפּגעהאַלטען ווערען אין ניו יאָרק. די פאַרטרעטערשאַפט זאָל זיין 1 דעלעגאַט פון יעדע 250 מיטגליעדער. דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאַן זאָלען ערוועהלט ווערען ווי עס ווערט פאַרגעשריבען אין אַרטיקעל 20, פּאַראַגראַף 8 און 9.

אַרטיקעל 16, פּאַראַגראַף 26, פונקט א, זאָל זיך לעזען: אַ מיטגליעד פון דער עקזעקוטיוו ווערט אויסגעשלאָסען פאַר ניט באַזוכען 3 מיטינגען נאָכאַנאַנד פון זיין דעפּאַרטמענט קאָמיטע אָדער פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע, אָדער 5 מיטינגען אין פאַרלויף פון 3 מאָנאַטען כסדר, ניט אָנגעבענדיג קיין אורזאַכע וואָס ווערט פון דער עקזעקוטיוו אנערקענט פאַר גענוגענד.

---

## רעקאָמענדיישאָנס פון דער ניישאָנאַל באָאַרד אָוו דירעקטאָרס.

### רעקאָמענדאַציע נומער 1. אַן ענדערונג אין דער פאַרוואַלטונג פאָרם

אונזער פאַרוואַלטונג זאָל געענדערט ווערען אויף דעם פאָלגענדען פּלאַן:

1־א) די אַרבייט פון דער בענעפיט קאָמ. און פון דער אָפּיס קאָמ. זאָלען צוזאַמענגעשמאָלצען ווערען און זאָלען איבערגעהן צו דער אָפּיס קאָמ. די בענעפיט קאָמ. זאָל ווערען אָפּגעשאַפט.

2־א) די נאַצ. עקז. זאָל באַשטעהן פון 15 מיטגלידער, וועלכע זאָלען מיטען יעדע וואָך און זאָלען איבערנעהמען צו פאַרוואַלטען די אַרבייט פון די יעצטיגע אָרגאַניזיישאָן, סאַניטאַריום און אָפּיס קאָמיטעטן און פון דער נא. עקז. אַלס גאַנצע.

ב) די עקז. טיילט זיך איין אין 3 סאָב־קאָמיטעטן, אָרגאַניזיישאָן, סאַניטאַריום און אָפּיס קאָמיטעטן (די אָפּיס קאָמ. זאָל אויך איבערנעהמען די אַרבייט פון דער בענעפיט קאָמ.), וועלכע מיטען אַלע וואָך. אַ מאַיאָריטעט פון יעדער סאָב. קאָמ. שטעלט צוזאַמען אַ קוואָרום.

3־א) עס זאָל ערוועהלט ווערען אַ ספּעציעלע סטענדינג עדוקיישאָנאַל קאָמ. פון 7 מיטגלידער, וועלכע זאָל האָבען אויפזיכט אויף די קולטורעלע אַרבייט פון אַרב. רינג אין אַלע איהרע פאָרמען (דעם „פריינד" אריינגערעכענט).

ב) די עדוקיישאָנאַל קאָמ. זאָל שטעהן אונטער דער אויפזיכט פון דער נאַצ. עקז., וועלכע זאָל קענען וועטאָאירען אַלע געלד־אויסגאַבען פאַר נייע איינריכטונגען אין פאַרלויף פון אַ וואָך, נאָכדעם ווי זיי זיינען פון באַשלוס אָפיציעל אינפאָרמירט געוואָרען.

ג) אַ געמיינשאַפטליכער מיטינג זאָל גלייך פאַררופען ווערן פון דער עקז. און עדיוק. קאָמיטעטן און דער באַשלוס פון דעם מיטינג, אין דער פראַגע פון דער וועטאָ, זאָל זיין בינדענד.

4) עס זאָל ערוועהלט ווערען אַ ספּעציעלע נאַצ. גריוועָנס קאָמ. פון 7 מיטגלידער, וועלכע זאָלען איבערנעמען די אַרבייט פון דער יעצטיגער גריוועָנס קאָמ. (זי זאָל אָבער ניט זיין קיין טייל פון דער נאַצ. עקז. קאָמ.). די ענטשיידונגען פון דיזער קאָמ. קענען אַפּעלירט ווערען צו דער נ. ב. א. ד.

דיזער פּלאַן פאַר אַ נייע פאָרם פון פאַרוואַלטונג וואָס די נ. ב. א. ד. שלאָגט פאָר, באַשטעהט פון 3 טיילען, ווי פאָלגט:

1) די אָבשאַפונג פון דער בענעפיט קאָמיטע.

2) די אַבטיילונג פון דער גריוועָנס קאָמיטע, אַלס סטענדינג קאָמיטע.

3) די אַבטיילונג פון דער עדוקיישאָנאַל קאָמ. אַלס סטענדינג קאָמיטע, וואָס זאָל שטעהן אונטער דער וועטאָ מאַכט פון דער נאַצ. עקז. קאָמ. אין פראַגען פון נייע איינריכטונגען.

די ערשטע רעקאָמענדיישאָן, הגם זי איז אַ טהייל פון אונזער אַלגעמיינעם פּלאַן פון דער פאַרוואַלטונגס־פאָרם, איז דאָס אָבער צו דער זעלבער צייט אַ באַזונדערע רעקאָמענדיישאָן, וואָס האָט ניט צו טהאָן מיט אונזער פאַרוואַלטונגס פּלאַן. ווען אפילו די קאָנווענשאָן זאָל אונזער פּלאַן ניט אָננעמען, גלויבען מיר אָבער, אַז זאָגאַר אונטער דער היינטיגער פאָרם פון פאַרוואַלטונג, איז די בענעפיט קאָמ. איבעריג און דאַרף אָבגעשאַפט ווערען און איהרע פונקציאָנען זאָלען איבערגעהן צו דער אָפּיס קאָמיטע.

וועגען דעם אַלגעמיינעם פּלאַן וואָס מיר שלאָגען פאָר וועלען מיר קיין סך ניט ריידען ווייל מיר האָבען וועגען דעם געשריבען אין אונזער באַריכט אין פעברואַר „פריינד" און אויך איז וועגען דעם אַ ספּעציעלער אַרטיקעל געשריבען געוואָרען פון אונזער סעקרעטער און דעלעגאַט צום קאָנווענשאָן אין מאַרטש „פריינד". מיר ווילען אָבער באַטאָנען, אַז אונזער פּלאַן ענטהאַלט נור די הויפּט שטריכען פון דער פאָרם. מיר האָבען ניט געפונען פאַר נויטיג פאָרצושלאָגען וועלכע דעטאַלען, ווייל מיר גלויבען, אַז די איינצעלנע רולס און רעגולאַציאָנען ווי די אָרדער יענע סטענדינג קאָמיטע זאָל אַרבייטען און וועלכע רעכטע זיי זאָלען האָבען, איז אַ זאַך וואָס קען און דאַרף אויסגעאַרבייט ווערען שפּעטער. די פאָרם וועט אריייין אין קראַפט ערשט נעקסטען יאָהר (1920) און עס איז נאָך דאָ גענוג צייט אויסצואַרבייטען רולס און מען דאַרף זיך ניט איילען.

### רעקאָמענדאַציע נומער 2

### עמוירדזשענסי פאָנד.

דער פאָנד פאַר די געדרעפּטעטע מעמבערס זאָל פאַרבלייבען און זאָל פאַרוואַנדעלט ווערען אין אַן „עמוירדזשענסי פאָנד" פאַר וועלכען די מעמבערס זאָלען געטעקסט ווערען מיט 10 סענט אַ קוואָרטאַל.

מיר גלויבען אַז די פּאַסירונגען אין דער לעצטער אינפלוענציע מגפה האָבען קלאָהר באַוויזען די נויטווענדיגקייט פון אַזאַ פאָנד און מעהר ריידען איז איבעריג.

## רעקאָמענדאַציע נומער 3

### צו העלפען די עלטערע מעמבערס נאָכצוקומען זייערע צאָהלונגען צום מאָרטשורי פאָנד.

די נ. ב. א. ד. רעקאָמענדירט דאָס די מעמבערס וואָס זיינען אריין אין ארב. רינג בעפאָר די פראטוירנאל רייטס זיינען אָנגענומען געוואָרען אין עלטער פון 35 יאָהר און העכער זאָל פון 4טען יאָהר אָן און ווייטער, זיי גוט געמאכט ווערען פינף און צוואנציג פראָצענט פון זייערע אסעסמענטס צום מאָרטשורי פאָנד, וועלכעס זאָל געדעקט ווערען פון א ספּעציעלען פאָנד.

אזוי ווי דיזע רעקאָמענדיישאָן איז פון אונז געמאכט געוואָרען דעם פאָריגען יאָהר וועלען מיר דארום אויך איבערגעבען אונזערע פאַר א יאָהריגע ארגומענטען ווי פאָלגט:

ענדע 1917, האָט דער ארב. רינג מיט א גרויסער מאיאָריטעט אָנגענומען פראטוינאל קאָנגרעס רייטס. מיר, אזוי גוט ווי די עקזעקוטיווע, האָבען געפיהלט, אז וויל עס איז וועגען דיזער רעפאָרמע אָנגעגאנגען אַזאַ לאנגער, שטורמישער קאמפּף, איז נויטיג באלד אויפצומונטערען די עלטערע מעמבערס, וועמעס בילס עס וועלען פיעל געהעכערט ווערען און וועלכע האָבען שטארק מורא געקראָגען אז די העכערונג וועט זיי מאכען שווער נאָכצוקומען זייערע צאָהלונגען. מיר האָבען געוואָלט מאכען עס מעגליך, אז דיזע רעפאָרמע זאָל פון אלעמען — אלטע אזוי גוט ווי יונגע — אויפגענומען ווערען מיט צופרידענהייט, אויב ניט מיט באַגייסטערונג.

נאָכדעם ווי די פראגע איז דיסקוטירט געוואָרען ביי דעם דזשאָינט מיטינג וואָס מיר האָבען ביי אונזער ערשטען צוזאַמענפאָהר געהאט מיט דער נאַצ. עקז. קאָמ. איז די פראגע איבערגעגעבען געוואָרען צו אונזער סאָב קאָמיטע, וועלכע, צוזאמען מיט א קאָמיטע פון דער נאַצ. עקזעקוטיווע זאָלען אויסגעפינען די צאָהל עלטערע מעמבערס און דאַן אויסארבייטען א פלאַן ווי אזוי אמבעסטען צו העלפען זיי אין זייערע צאָהלונגען.

דעם 9טען מארטש איז אָבגעהאלטען געוואָרען דער געמיינשאפטליכער קאָמיטע מיטינג. דער גענ. סעקר., פר. באַסקין, האָט אונז צוגעשטעלט אַן אויספיהרליכען באריכט וויפיעל עלטערע מעמבערס מיר האָבען אין די פארשידענע קלאסען, אויך וויפיעל זייער מאָרטשוערי פאָנד באטרעפט. די קאָמיטע איז דערפון געקומען צום שלוס, דאָס פאר די צווייטע קלאסע מעמבערס איז ניט נויטיג קיין הילפע, וויל די ענדערונג אין זייערע צאָהלונגען איז ניט קיין גרויסע. עס איז אָבער נויטיג צו העלפען די ערשטע קלאסע מעמבערס פון 35 יאָהר און העכער, וועמעס בילס עס וועלען דעם פערטען יאָהר ווערען העכער — לויט ביז־יעצטיגע צאָהלונגען — פון $1.25 פער קווארטאל און מעהר, לויט זייער עלטער.

די קאָמיטע איז איינשטימיג געקומען צום שלוס פאָרצושלאָגען צום קאָנווענשאָן, דאָס די מעמבערס וועלכע זיינען אריין אין ארב. רינג אין עלטער פון 35 יאָהר און העכער, זאָל פון פערטען יאָהר אָן און ווייטער, זיי גוט געמאכט ווערען פינף און צוואנציג פראָצענט פון זייערע דיוס צום מאָרטשוערי פאָנד. די סומע וועט באטרעפען צווישען 8 און 9 טויזענד דאָלאר א יאָהר. די ארט און ווייזע ווי דיזע גוט געמאכטע סומע זאָל געשאפען ווערען האָבען מיר געלאָזען פאר דער נאציאָנ. עקזעקוטיווע זעלבסט, וועלכע וועט אזא רעקאָמענדיישאָן פאָרברייננגען צו דער קאָנווענשאָן.

מאנכע וועלען פיליכט זאָגען אַז פאָרלויפיג זיינען די צאָהלונגען ניט פיעל העכער ווי פריהער, און מיר האָבען דארום נאָך גענוג צייט צו קלעהרען וואָס צו טהאָן אין 4 יאָהר שפּעטער. אזא מיינונג איז אָבער א טעות. מיר, אזוי גוט ווי די נאַצ. עקז., ווילען אז די עלטערע מעמבערס זאָלען אפילו איין איינציגע מינוט ניט זיין אין מורא טאָמער וועט דורך די נייע פאָרם פון צאָהלונגען, שפּעטער זיין פאר זיי אונמעגליך צו צאָהלען זייערע בילס. וואָס פריהער דיזע זיכערהייט וועט געמאכט ווערען, אַלץ געזינטער איז עס, נאָך אונזער מיינונג, פאר'ן ארב. רינג.

ווי געזאָגט, איז דאָס א פאר א יאָהריגע רעקאָמענדיישאָן. דורך א צופאל, אָדער א טעות, איז דאָס ביים קאָנוועשאן פאר־אַיאָהרען ניט פארהאנדעלט געוואָרען. מיר גלויבען אָבער, אז דיזע פראגע איז וויכטיג, צו ווערען איגנאָרירט און זי דארף איינמאָל פאר אלע מאָל ענטשידען ווערען, א יאָהר איז זינט דאַן שוין אריבער און די פראגע וועט גאַנץ גיך ווערען ברענענד.

## רעקאָמענדאציע נומער 4.

### עקסטרא סאַניטאריום אויפ'ן חשבון פון ברענטש.

מיר רעקאָמענדירען, אז פאציענטען וועלכע דארפען פארבלייבען אין סאנאטריום לענגער ווי זייער טערמין, זאָלען דאָס קענען טהאָן — אויב עס איז דאָ פּלאַץ — אויפ'ן חשבון פון ברענטש.

די סאנאטאריום קאָמיטע זאָל באשטימען די רולס און די ארט און ווייזע ווי אזוי פאציענטען זאָלען קענען פארבלייבען אין סאנאטאריום און אויך באשטימען פיעל און ווי אזוי די וועכענטליכע צאָהלונגען זאָלען געמאכט ווערען.

## רעקאָמענדאציע נומער 5.

יעדער דירעקטאָר זאָל האָבען דאָס רעכט צו באזוכען איין מאָל אין יאָהר די שטעדט פון זיין סטייט, אום צו באריכטען פון דעם נ. ב. א. ד. צוזאמענפאָהר.

יעדער דירעקטאָר, וואָס וויל באזוכען וועלכע שטאָדט אין זיין סטייט, דארף אזא פארלאנג מאכען צום צוזאמענפאָהר פון דער נ. ב. א. ד., וועלכע דארף אין יעדען פאל באזונדער האנדלען און באשליסען, אויב די עקספּענסעס זאָלען ווערען באוויליגט.

(די גרינדע פאר דיזער רעקאָמענדיישאָן וועט איהר געפינען אין אונזער באריכט צום קאָנוועשאָן.)

## רעקאָמענדאציע נומער 6.

די קאָנוועשאָן זאָל גוטהייסען דעם געמיינשאפטליכען באשלוס פון דער נאַצ. עקז. און נ. ב. א. ד. — וועלכער איז געמאכט געוואָרען ביי אונזער 2טען צוזאמענפאָהר — אז כל זמן די העכערונג אין די באַהן רייטס (וועלכע זיינען געמאכט געוואָרען אין יוני 1918) וועלען אָנהאלטען, זאָל דיזע העכערונג ווערען אויסגעצאָהלט צו די דירעקטאָרען, א חוץ די סומען וועלכע איז זיי באוויליגט לויט דעם לעצטען רעפערענדום.

(אויך דיזע רעקאָמענדיישאָן ווערט ערקלערט אין אונזער באריכט.)

## רעקאָמענדיישאָן נומער 7.

„די קאָנוועשאָן זאָל אָננעמען א רעזאָלוציאָן אויפפאָרדערענדיג די ברענטשעס איינצופיהרען לאָקאלע קראנקען בענעפיט — צו די בענעפיט וואָס ווערט געצאָהלט פון גענ. אָפיס.“

מיר גלויבען אז די פראגע פון העכערען די קראנקען בעפיט איז א ברענענדע. ווען ניט די מגפה, וואָס האָט פארצעהרט כמעט אונזער גאנצען סוירפּלוס פון קראנקען בענעפיט פאָנד, וואָלט די בענעפיט קאָמ. אליין אזא רעקאָמענדיישאָן געבראכט. אזוי ווי אונטער די יעצטיגע אומשטענדען וואָלט מען געדארפט העכערען די צאָהלונגען דערפאר וויל די בענעפיט קאָמ. יעצט אזא רעקאָמענדיישאָן ניט מאכען.

מיר גלויבען אז טראָץ דעם, קען מען די פראגע ניט איגנאָרירען. דער ארב. רינג קען ביי היינטיגע צייטען ניט מעהר בלייבען ביי 6 דאָלאר א וואָך בענעפיט, וואָס איז געווען א גענוגענדע סומע מיט יאָהרען צוריק — ווען דער געזעץ איז אָנגענומען געוואָרען. היינט צו טאָג, ווען די אומשטענדען זיינען אנדערש און דער יקרות גרויס, מוז דער קראנקען בענעפיט אביסעל געהעכערט ווערען. דאָס קאָן אמת ניט טהאָן דער גענ. אָפיס, אָבער דאָס קענען טאָן די ברענטשעס. מיר גלויבען אַז ווען די ברענטשעס זאָלען צאָלען לאָקאלע בענעפיטס וואָלט אין אלגעמיין געווען בעסער.

מיר גלויבען אז אויב די עקסטרא קראנקען בענעפיט וואָס די ברענטשעס צאָהלען זאָל געמאכט ווערען א ל ג ע מ י י ן, וואָלט די פראגע פאָרלויפיג געווען פארענטפערט. דער פאקט וואָס דיזע העכערונג וועט זיין א לאָקאלע איז נאָך אונזער מיינונג א גרעסערע מעלה ווי אז דער דזשענעראל אָפיס זאָל אליין העכערען די בענעפיט. די ברענטשעס וואָלטען אין ערשטען פאל בעסער אויפפאסען אויף די קראנקע, אז זיי זאָלען נאָכקומען די רולס, א ו ן צ ו ו י י ט ע נ ס ו ו א ָ ל ט נ י ט נ ו י ט י ג ג ע ו ו ע ן ק י י ן א ל ג ע מ י י נ ע ה ע כ ע ר ו נ ג פ ו ן ד י ד י ו ס, וויל אפילו היינט צו טאָג צאָהלען דאָך די מעהרסטע ברענטשעס לאָקאלע בענעפיט. ניט מעהר, דער ארב. רינג קען דאָס היינט ניט

באַנוצען אַלס אַגיטאַציע, ווייל עס איז ניט אַלגעמיין. מיר זיינען אויך זיכער אַז די וויניגע ברענטשעס וועלכע האָבען נאָך ניט קיין לאָקאַלע בענעפיט, וועט ניט שווער זיין אַזעלכע איינצופיהרען פונקט ווי די וועלכע האָבען עס שוין איינגעפיהרט.

כדי צו מאַכען עס אַלגעמיין, איז דערפאַר אונזער רעקאָמענדיישאָן, אַז יעדער ברענטש זאָל פון קאָנווענשאָן פאַרפליכטעט ווערען איינצופיהרען לאָקאַלע בענעפיט, לאָמיר זאָגען ניט ווע־ניגער ווי 2 אָדער 3 דאָלאַר אַ וואָך. (די סומע זאָל באַשטימען די קאָנווענשאָן.)

## רעקאָמענדאַציאָן פון דער ראָטשעסטער פאַרקאָנפערענץ.

אַז דער א. ר. זאָל אויסבויען אַ בית יתומים אויף דעם גראָונד פון סאַניטאַריום, אויך אַ היים פאַר די אַלטע מעמבערס וועלכע האָבען נים וואו צו זיין אויף דער עלטער.

אויב די צייט פאָדערט נאָך ניט קיין מושב זקנים, דענקען מיר אָבער אַז אַ בית יתומים איז אין פּלאַץ שוין יעצט, ווייל פון דער לעצ־טער עפּידעמיע זיינען געוויס איבערגעבליבען יתומים וועלכע דאַרפען אפשר אָנקומען צו די טשאַריטיס.

אַז דער א. ר. זאָל איינשטעלען די קראַנקען בענעפיט אין קלאַסען צו 6 דאָלאַר, 9 דאָלאַר און 12 דאָלאַר אַ וואָך, און פאַר וועלכער קלאַס אַ מעמבער צאָהלט, אַזוי פיעל וועט ער זיין בארעכטיגט צום בענעפיט. דאָס וואָלט אָבגעהאַלטען פיעל מעמבערס פון געהן באַלאָנגען אין נאָך אָרדענס וואָס זיינען געגען דעם אַ. ר.

א. שולמאַן, סעקרעטער.

## רעקאָמענדיישאָן פון האַדסאָן טעריטאָריעל קאָנפערענץ.

די האַדסאָן און בוירגען טעריטאָריעל קאָנפערענץ רעקאָמענדירט פאָלגענדעס:

1) עס זאָל איינגעפיהרט ווערען 500 דאָלאַר און 300 דאָלאַר אינ־שורענס, 2) דער אַרבייטער רינג זאָל בויען אַ בית יתומים פאַר די קינדער פון מעמבערס פון א. ר. 3) אַן אַמענדמענט צו דער קאָנסטיטו־שאָן, אַז דער אינדיווידואום פון אַ נאָטאַרי פּאָבליק וואָס עס דאַרף צו־שטעלען אַ נייער מעמבער איבער 38 יאָהר זאָל נאָר געהן אויף אַ נייעם מעמבער, וואָס איז עלטער פאַר 42 יאָהר. 4) דער אַרבייטער רינג זאָל אינטער קיינע אומשטענדען ניט אינדאָסירען די לייבאָר פּאַרטיי וואָס האָט זיך יעצט געגרינדעט, 5) עס זאָל באַוויליגט ווערען אַ גרעסערע סומע געלד פאַר עדוקיישאָנאַל אַרבייט אום אַלע ברענטשעס זאָלען זיך קענען באַנוצען מיט דעם פאָנד.

ס. באַסקין, סעק.

ברענטש 24 רעקאָמענדירט צו דער קאָנווענשאָן וועלכע וועט אָפּגע־האַלטען ווערען אין דעטראָיט, אַז עס זאָל געענדערט ווערען דער סיס־טעם פון וועהלען דעלעגאַטען צו די קאָנווענשאָנס, די אורזאַכע איז, אַז ווען מען שיקט דעם באַללאָט מיט אַזוי פיעל נעמען וועלכע זיינען אין געוויסערמאַסען פרעמד צו די מעמבערס, און די מעמבערס האַל־טען זיך צוריק פון שטימען, ערקלערענדיג אַז זיי ווייסען ניט פאַר וועמען צו שטימען.

מיט פריינדליכען גרוס

א. ווישנעווסקי, סעקרעטער.

## רעקאָמענדאַציאָנען פון דווינסקער בר. 75

### רעקאָמענדאַציע נומער איינס

נעהמענדיג אין באַטראַכט, דאָס אַלע טיילען פון דער פאַרוואַל־טונגס־אַרבייט אין אַרב. רינג קענען אין זייערע צוועקען ניט זיין ווייט אָפּגעזונדערט איינע פון די אַנדערע און מוזען גלייכצייטיג און פּינקטליך האָבען דעם זעלבען אינטערעס און אויפמערקזאַמקייט פון יעדען מיטגליעד אין דער פאַרוואַלטונג;

און נעהמענדיג ווייטער אין באַטראַכט, אַז די אַזוי־גערופענע „ניו האַמפּשיר פאָרם פון פאַרוואַלטונג" האָט ניט נור ווייט און איבריג פאַנאַנדערגעטיילט די אַרבייט, נאָר האָט אויך צוריסען די כחות פון אַ געזונטער פאַרוואַלטונג, נאָכדעם ווי דער אינטערעס פון יעדען פאַר־וואַלטונגס־מיטגליעד איז פאַרבונדען געוואָרען פּאַקטיש בלויז מיט איין קליינער טייל פון דער פאַרוואַלטונגס־אַרבייט, רעקאָמענדירען מיר דאַ־רום צו דער 19טער קאָנווענשאָן פון אַרבייטער רינג אָנצונעהמען פאָל־גענדעס:

1) אַ פאַרוואַלטונגס קאָמיטע פון 15 מיטגליעדער זאָל אויף ווייטער ערוועהלט ווערען אַנשטאָט 30, ווי ביז יעצט, און זייערע זי־צונגען זאָלען געהאַלטען ווערען וועכענטליך אַנשטאָט מאָנאַטליך.

2) אַלע פראַגען און אַרבייט אין שייכות מיט דער אַלגעמיינער טעטיגקייט פון אַרבייטער רינג, זאָלען פאַרהאַנדעלט און איינגעפיהרט ווערען פון אָדער דורך דער 15ער פאַרוואַלטונגס קאָמיטע.

3) אַ גרינוועגס קאָמיטע פון 7 זאָלען ערוועהלט ווערען דורך אַ רעפערענדום, וועלכע זאָלען אויפנעמען קלאַגען, און זאָלען דיעזען אַלס נידעריגער קאָורט. געגען זייער ענטשיידונג זאָל מען קאָנען אַפּעלירען צו דער נייישאָנאַל באָארד.

### רעקאָמענדאַציע נומער צוויי

עקזעקוטיוו בעאַמטע, נאָכדעם ווי זיי זיינען שוין געוועזען אָדער וועלען זיין דריי יאָהר צייט אָהן אונטערברעכונג אין דער פאַרוואַל־טונג, זאָלען אויך דעם פערטען יאָהר ניט קענען מעהר נאָמינירט און ערוועהלט ווערען.

## רעקאָמענדאַציאָנען פון בר. 179, סינסנעטי, אָהייאָ

ביי דעם טעריטאָריען קאָנפערענץ, אָפּגעהאַלטען דעם 23טען פעב., איז פון די פאַרטראָטענע דעלעגאַטען פאָרגעשלאָגען און אָנגענומען געוואָרען פאָלגענדע רעקאָמענדאַציאָנען:

1) די יעצטיגע סטייט קאָמיטעס זאָלען אינגאַנצען אָפּגעשאַפט ווערען, ווייל זיי ערפילען ניט די אַרבייט, וועלכע איז אויף זיי אַרויפגעלייגט געוואָרען, און אויף זייער אָרט זאָל געשאַפען ווערען טעריטאָריען קאָמיטעס, כדי עס זאָל זיין אַ נאָהנטערע פאַרבינדונג צווישען די ברענטשעס, אום אָנצופיהרען בעסער די אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבייט.

2) די נייישאָנאַל באָארד און דירעקטאָרען זאָלען אויך ווייטער אויסגעקליבען ווערען פון די טעריטאָריעס אַנשטאָט די סטייטס.

3) דער אָרגאַניזאַציאָנס־פאָנד זאָל צוטיילט ווערען פּראָפּאָרציאָנעל צו די טעריטאָריעס.

4) נעהמענדיג אין אַנבאַטראַכט די טייערקייט פון לעבענסמיטעל, רעקאָמענדירען מיר, אַז די סיק בענעפיט זאָל פאַרגרעסערט ווערען פון 6 דאָלאַר אַ וואָך אויף 8 דאָלאַר, דיזעלבע 15 וואָכען.

5) אין אונזער פּרינציפּען ערקלערונג דאָ, וואו עס האַנדעלט זיך וועגען שטימען דעם סאָציאַליסטישען טיקעט, זאָל צוגעשטעלט ווערען די ווערטער: „אויך אין פּריימערי וואַהלען".

מ. שוסטער, סעק. פון קאָנפערענץ.

## רעקאָמענדאַציאָן פון בר. 110 א. ר.

מיר שלאָגען פאָר, אַז עס זאָל צוגעזעצט ווערען אַ פּונקט צו דער קאָנסטיטושאָן, אַז עס זאָלען ניט אָנגענומען ווערען קיינע אַטאַטש־מענטס אויף די אינשורענס, וועלכע קומט צו די בענעפישערים.

בר. 110 א. ר. דזש. פּאַוולאָוו, סעק.

## רעקאָמענדאַציאָן פון ברענטש 424

נעמענדיג אין אַנבאַטראַכט, דאָס צווישען די אַרבייטער רינג מעמ־בערס געפינען זיך שוין אַ היבש ביסעל עלטערע מענער, וועלכע מוזען אָנקומען צו פאַרשיעדענע צדקה אַנשטאַלטען און מוזען דאָרטען זייערע פּרינציפּען פאַרבויגען, זיי עס באַשלאָסען צו רעקאָמענדירען צו די דעטראָיטער קאָנווענשאָן אויסצואַרבייטען אַ פּלאַן ווי אַזוי דער א. ר. זאָל אַזאַ היים גרינדען אין פאַרשיעדענע טיילען פון לאַנד.

י. שנייד, סעק. בר. 424.

## רעקאָמענדאַציאָן פון בר. 242, ווייקאָ, טעקסאַס

מיר רעקאָמענדירען, אַז די 19טע קאָנווענשאָן זאָל באַוויליגען אַם ווענינגסטען 100 דאָלאַר פאַר עדוקיישאָנאַל אַרבייט אין אונזער סאַוטוועסטערן טעריטאָריע. מיר זיינען קליינע ברענטשעס מיט זעהר קליינע פאָנדען און פיעלע מאָל וואָלטען מיר זעהר וועלען האָבען אַ לעקטשורער איינמאָל אין יאָהר, אָבער אונזער פינאַנציעלע לאַגע ער־לויבט אונז עס נישט. זעהענדיג אָבער איין די וויכטיגקייט פון גייס־טיגער אַרבייט אין אונזער דיסטריקט פאַר אונזערע לאָקאַלע ברענ־טשעס בפרט און דעם אַרבייטער רינג אַלס אַ פּראָגרעסיווער אָרדען בכלל, דענקען מיר, אַז אַזאַ קליינע סומע ווי 100 דאָלאַר קען זעהר אַ סך אויפטאָן פאַר אונזערע ברענטשעס.

סעם געלבער, סעק. בר. 242, ווייקאָ.

## רעזאָלוציאָן פון בר. 50 א. ר.

נעמענדיג אין אַנבעטראַכט די עפענטליכע ערקלערונג פון פּרע־זידענט פון א. ר. פר. עפּשטיין, אַז די יעניגע ברענטשעס וועלכע ווערען באַטראַכט זינדיג פון די יעצטיגע פאַרוואַלטערס פון א. ר. קענען ניט ערוועהלען זייערע דעלעגאַטען צום קאָנווענשאָן און זיין סטייטמענט אַז ער ווייסט שוין פאַר דעם רעפערענדום וועלכע דעלעגאַטען עס וועלען געהן צום קאָנווענשאָן. איז עס קלאָהר פאַר דעם בר. אַז די קליינע מאַשין־קאָנווענשאָנס דריקען ניט אויס דעם ווילען און סענטימענט פון דער גרויסער מעמבערשיפּ פון א. ר. אַז די דעלעגאַטען צו דיזע קאָנ־ווענשאָנס פאַרטרעטען נאָר די קליינליכע פּערזענליכע אינטערעסען פון אַ געוויסע גרופּע אין אַ. ר.

דאַרום ווערט איינשטימיג באַשלאָסען צו רעקאָמענדירען צו דער 19טער קאָנווענשאָן אַז עס זאָל אָפּגעשאַפט ווערען די קליינע קאָנווענ־שאָנס און אַז אַלע דריי יאָהר זאָל געהאַלטען ווערען אַ גרויסע קאָנ־ווענשאָן וואו די ברייטע מעמבערשיפּ פון א. ר. זאָלען קענען זיין פאַרטראָטען דורך זייערע ברענטש דעלעגאַטען.

רעזאָלוציאָנס קאָמיטע בר. 50 א. ר.

ה. קראַוז, א. שיפּמאַן, ס. ווענדער.

## רעזאָלוציאָן פון ברענטש 17 א. ר. ניו הייווען, קאָנן.

„אין אַנבעטראַכט אַז די לעצטע מגפה, וועלכע האָט אַוועקגעריסען פון אונזער מיטע די יונגסטע עלעמענטען, וועלכע האָבען איבערגע־לאָזען אונשולדיגע, אונגליקליכע יתומים אָהן אירגענד וועלכע השגחה אָדער הילף—האָט באַוויזען די נויטווענדיגקייט פון אַן אינסטיטושאָן,

וואו זיי זאָלען קריגען די נויטיגע אויפפּאַסונג און ערציהונג נאָך'ן גייסט פון א. ר. אין אַנבעטראַכט, דאָס ס'וואָלט געדאַרפט זיין די פליכט פון אַלע מעמבערס פון א. ר. זיך צו פאראינטערעסירען מיט דער לאַגע פון איבערגעלאָזענע יתומים פון אונזערע פאַרשטאָרבענע פריינד — דאַרום „זיי עס באַשלאָסען, צו אַפּעלירען דורך דער פּרעסע צו אַלע בראַנטשעס פון א. ר. דאָס זיי זאָלען זיך פאראינטערעסירען מיט דיזער פראַגע, אונטערשטיצען דיזע באוועגונג, און אויפפאָדערען די דזש. עקז. צו שטודירען דיזע פראַגע און ברענגען אַ פּאָלשטענדיגען פּלאַן צו דער נעקסטער קאָנוועגשאָן אין דעטראָיט; און — זיי עס אויך באַשלאָסען צו אַפּעלירען דורך די רעספּעקטיווע בראַנטשעס צו זייערע טעריטאָריעלע דעלעגאַטען, דאָס זיי זאָלען דעלפען ביי דער קאָנוועגשאָן ברענגען דיזען פּלאַן צו אַ פאַרווירקליכונג.“

ס. גאָלדבערג, מאָרים רייז, פּרעס קאָמיטע.

---

### רעזאָלוציע פון בר. 205 א. ר.

אין אנבאַטראַכט אַז יעדער מעמבער באלאַנגט צו אַ פראַטווירנעל־אָרדען אום צו באַזאָרגען זיך פאַר'ן לעבען און די פאַמיליע נאָך זיין טויט, און אין אַנבעטראַכט, אַז ווען דער מעמבער שטאַרבט און אין אַ שטונדע ארום שטאַרבט ווער עס איז פון זיין פאַמיליע איז נאָך אונזער קאָנסטיטושאָן די פאַמיליע שוין מעהר ניט באַרעכטיגט צו פיונעראַל און סעמעטערי און זיי דאַרפען שוין אָנקומען צו חסד של אמת אַז זיי זאָלען בעערדיגען דעם טויטען. און אין אַנבעטראַכט אַז מיר קענען דורכפיהרען אַ באשלוס, דאָס יעדען מעמבערס פרוי זאָל באלאַנגען צו פיונעראַל און סעמעטערי פאַר אַ קליינע צאָהלונג, ווייל ניט יעדע פרוי פון אונזערע מעמבערס קען באַלאַנגען צום א. ר. צוליעב זייער געזונט־צושטאַנד, האָט אונזער בראַנטש באַשלאָסען אויפצופאָדערען די דעלעגאַטען צו דער דעטראָיטער קאָנווענשאַן און אויך די דזשענ. עקז. קאָמ. און דעם סעמעטערי דעפּט. דורכצופיהרען אַז יעדע פרוי און קינד פון אַ פאַרשטאָרבענעם מעמבער זאָל זיין באַרעכטיגט צו פיונעראַל און סעמעטערי ביז 3 מאָנאַטען נאָך דעם מעמבערס טויט. און נאָך די דריי מאָנאַטען זאָל די פאַמיליע קענען באַלאַנגען צו פיונע־ראַל און סעמעטערי פאַר קליינע דיוס. דער באשלוס זאָל זיך אויך באַ־ציהען אויף אַלע פרויען און קינדער פון די פאַרשטאָרבענע מעמבערס זינט דער אַ ר. עקזיסטירט.

ס. קאזעל, י. פּרוזשאַנסקי, רעזאָל. קאָמ. בר. 205

---

### רעזאָלוציאָן פון מאָהליווער בר. 176 שיקאַגאָ.

נעמענדיג אין אַנבעטראַכט אַז די שיקאַגאָער סיטי סענט. קאָמ. האָט גענומען געלט וואָס באַלאַנגט צו די פאָנדס פון לייבאָר לייסעאום און האָבען דערפון געגעבען פאַר די דעלעגאַטען צו פאָהרען צום אי־דישען קאָנגרעס אין ניו יאָרק.

און אין אַנבעטראַכט אַז די דעלעגאַטען צום אידישען קאָנגרעס האָבען אַבסאָלוט ניט וואָס צו טאָן מיט דעם לייבאָר לייסעאום, און דאַרום האָט די סיטי סענט. קאָמ. ניט געהאַט קיין רעכט צו ערלויבען זיך צו געברויכען געלט, וואָס עס איז געקליבען געוואָרען פאַר אַ לייבאָר לייסעאום אָהן דער צושטימונג פון אַלע מעמבערס פון א. ר.

און אין אַנבעטראַכט אַז דאָס איז שוין ניט דעם ערשטען מאָל וואָס די סיטי סענטראַל קאָמיטע מיסברויכט פאָנדס וואָס ווערט געקליבען פאַר אַ באוואוסטען צוועק, פאַרברויכען זיי דאָס פאַר גאַנץ אַנדערע זאַכען ניט אָנפרעגענדיג זיך ביי די מענשען, וועלכע האָבען די פאָנדס געשאַפען, דריקען מיר אויס אונזער פולען פּראָטעסט געגען אַזעלכע ניט דעמאָקראַטישע האַנדלונגען, און מיר ענטזאַגען זיך אויך צו צאָה־לען די 10 סענט טעקס פאַר אַ מעמבער וואָס איהר האָט אויף אונז ארויפגעלעגט.

א. איידילאנד, מ. לעווין, מ. פּרוסאָוו, און קרוגער, רעז. קאָמ.

---

# באריכט פון גענעראל סעקרעטער צו דער 19 יעהרליכער קאנווענשאן פון ארבייטער רינג

## אַלגעמיינער פינאַנציעלער צושטאַנד פון אַרבייטער רינג פאַר דעם יאָהר 1918

דאָס גרויס־פאַרמעגען פון אַרבייטער רינג האָט דעם 31טען דעצעמבער 1918 באַטראָפען די סומע פון — $1,032,100.57

דיזעס פאַרמעגען אין באַשטאַנען פון:

| | |
|---|---|
| לעדזשער אַסעטס | 1,006,927.37 |
| נאָן לעדזשער אַסעטס *) | 25,173.20 |

די לעדזשער אַסעטס באַשטעהען פון פאָלגענדעס:

| | |
|---|---|
| מיוניסיפּאל באָנדס (נאָמ. ווערט $835,000.00) | 806,388.62 |
| ריעל עסטייט און בילדינגס (סאַניטאַריום) | 105,310.49 |
| סייווינגס בענקס דעפּאָזיטס | 12,034.65 |
| קאָמוירשעל בענקס דעפּאָזיטס | 18,704.46 |
| שולדען פון מעמבערס עט לאַרדזש | 563.51 |
| סאַניטאַריום פּוירניטשור און לייף סטאָק | 14,061.69 |
| אָפיס פּוירניטשור און פיקסטשורס | 4,007.35 |
| סאַניטאַריום אַקאַונט פאַר טעגליכע אויסגאַבען | 2,000.00 |
| בראַנטש סופּלייס | 1,362.01 |
| שטענדיגע אַקאַונטס | 1,365.26 |
| ריאימבוירסמענט אַקאַונט **) | 1,337.03 |
| פלייטס | 1,300.00 |
| „פריינד“ מאַשינערי | 489.76 |
| גאַראַנטירטע מאָרגיידזשעס | 42,500.00 |
| סך הכל | $1,011,424.83 |
| פון דעם ווערען אַרונטערגערעכענט די קרעדיטס וואָס בראַנטשעס האָבען איבערגעצאָהלט | 4,497.46 |
| ס"ה לעדזשער אַסעטס | $1,006,927.37 |

*) צו נאָן לעדזשער אַסעטס געהערען אַזעלכע סומען, וועלכע זיינען נאָך ניט אַריינגעטראָגען געוואָרען אין די ביכער אַם ענדע א. ד. גל.

**) דאָס איז אַ טייל פון די געלדער, וואָס וויינטרויב האָט פאַרנומען.

נאָן לעדזשער אַסעטס:

| | |
|---|---|
| אָנגעוואַקסענע פּראָצענט אויף באָנדס | 9,468.86 |
| אָנגעוואַקסענע פּראָצענט אין סייווינגס בענקס | 234.46 |
| אָנגעוואַקסענע פּראָצענט אויף מאָרגיידזשעס | 531.25 |
| דעפּיציט: ***) | |
| אָרגאַניזיישאָן פאָנד | 40.97 |
| סאַניטאַריום אויפהאַלטונגס פאָנד | 6,734.22 |
| עדיוקיישאָנאַל פאָנד | 1,264.01 |
| ביכער פון עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע | 1,962.95 |
| אידישע שולען | 933.97 |
| בראַנטש באָנדס | 1.13 |
| מאַרקעט פאַרגרעסערטער פרייז פון באָנדס אַרי־בער דער בוך ווערטה | 4.001.38 |
| סך הכל | $ 25,173.20 |
| טאָטאַל גרויס־פאַרמעגען | 1,032,100.57 |

אין דעם נעט פאַרמעגען איז אַריינגערעכענט די סומע פון $35,274.36, וועלכע דער אינשור־רענס דעפּאַרטמענט פון דער רעגיערונג אַנ־ערקענט ניט אַלס אַסעטס. דיזע סומע באַ־שטעהט פון די פאָלגענדע אייטעמס:

| | |
|---|---|
| שולדען פון מעמבערס עט לאַרדזש | 563.51 |
| סאַניטאַריום פּוירניטשור און לייף סטאָק | 15,090.69 |
| אָפיס פּוירניטשור און פיקסטשורס | 4.007.35 |
| וויינטרויב ריאימבוירסמענט אַקאַונט | 1,337.03 |
| דעפּיציט אין אָרגאַניזיישאָן פאָנד | 40.97 |
| „פריינד“ מאַשינערי | 489.76 |

***) די דעפּיציטען אין וועלכען ניט איז פאָנד ווערען גערעכענט אַלס אַ חוב, וואָס דאַרף באַצאָהלט ווערען צום אַרבייטער רינג, פון וועלכער עס איז קוועלע, צי פון אַן אַסעסמענט, אָדער פון אַ סוירפּלוס פון דעם נעקסטען יאָהר, און דעריבער ווערט עס פאַר־שריבען אַלס אַן אַסעט.

דעפיציט אין סאניטאריום אויפהאלטונגס פאנד 6,734.22
דעפיציט אין סאניטאריום עדיוקיישאנאל פאנד 1,264.01
גרענטס סופלייעס — — — — — — — — — 1,362.01
ביכער פון עדיוקיישאנאל קאמיטע — — — — 1,962.95
פלייטס — — — — — — — — — — — 1300.00
שטענדיגע אקאונטס — — — — — — — 187.89
אידישע שולען — — — — — — — — — 933.97

סך הכל — — — — — — — — $35,274.36

ארונטערגערעכענענדיג אונזערע שולדען פון אונזער גרויס־פארמעגען, בלייבט אונז א נעט פאר־מעגען פון — — — — — — — — — $951,557.14
אין פארגלייך מיט ענדע יאהר 1917, ווען מיר האבען געהאט א נעט פארמעגען פון — — 892,598.59

האבען מיר דעם 31טען דעצעמבער, 1918, גע־האט א נעט צוואוואקס פון — — — — $58,958.55

### איינצעלהייטען וועגען די פארשיעדענע פאנדס און אינ־וועסטמענטס

**באנדס:**

אין פארלויף פון יאהר האבען מיר געקויפט פאר $128,000.00 באנדס, פאר וועלכע מיר האבען באצאהלט, אויסער דעם אנגעוואקסע־נעם פראצענט, די סומע פון — — — — $118,238.62
דעם 1טען יאנואר 1918 האט דער מארק־ווערטה פון אונזערע באנדס באטראפען די סומע פון 688,150.00

סך הכל — — — — — — — — $806,388.62
מאנכע פון אונזערע באנדס זיינען ענדע יאהר פארגרעסערט געווארען אין פרייז אויף דער סומע פון — — — — — — — — — 4.001.38
נעט ווערטה פון אונזערע באנדס אם ענדע יאהר 1918 — — — — — — — — — — — $810,390.00

דורכשניטליכע קאסטען פער מעמבער פאר מעדיציגען דעם ארב. רינג

| געלד | יאהרען |
|---|---|
| 0.75 | 1910 |
| 1.— | 1911 |
| 1.22 | 1912 |
| 1.29 | 1913 |
| 1.27 | 1914 |
| 1.38 | 1915 |
| 1.22 | 1916 |
| 1.42* | 1917 |
| 1.39 | 1918 |

פון יעדען דאלאר וואס מיר האבען אריינגענומען אין 1918 האבען מיר אויסגעגעבען דורכשניטליך 85 סענט.

## פארוואלטונגס אויסגאבען

| | 1916 | 1917 | 1918 |
|---|---|---|---|
| רענט פאר אפיס — — — — — — — — — — | $1,989.96 | $1,989.96 | $2,388.00 |
| געהאלט — — — — — — — — — — — — | 14,982.92 | 14,527.67 | 18,027.60 |
| עקסטרא אפיס ארבייט — — — — — — — — | 263.19 | 140.14 | 631.64 |
| פארשיעדענעס (וואסער, קאפס, האנטיכער, א. ז. וו.) — | 661.09 | 761.50 | 1,116.31 |
| אפיס איינריכטונגען — — — — — — — — | 22.50 | ——— | 225.45 |
| אינשורענס פאבליקיישאנס — — — — — — — | 30.49 | 48.00 | 42.60 |
| פייער אינשורענס — — — — — — — — — | 94.70 | 111.70 | 122.89 |
| אינשורענס דעפארטמענט — — — — — — — | 188.74 | 201.00 | 619.65 |
| קאמיטעס אויסגאבען — — — — — — — — | 119.17 | 104.50 | 298.04 |
| פאסטיידזש — — — — — — — — — — — | 1,531.12 | 1,720.65 | 2,262.41 |
| פרינטינג — — — — — — — — — — — — | 1,054.23 | 411.13 | 1,618.79 |
| אדווערטייזמענטס — — — — — — — — — | 1,500.60 | 1,065.15 | 1,292.94 |
| שרייב. מאטעריאל און ביכער — — — — — — | 925.72 | 1,229.31 | 1,227.38 |
| מעבעל און איינריכטונגען — — — — — — — | 321.71 | 449.44 | 445.26 |
| טעלעפאן און טעלעגראף — — — — — — — — | 231.71 | 396.67 | 397.43 |
| באלייכטונג און לאמפען — — — — — — — — | 190.00 | 195.10 | 212.54 |
| רייזע קאסטען — — — — — — — — — — | 111.12 | 70.22 | 191.46 |
| ליגעל סוירוויס — — — — — — — — — | 800.00 | 990.00 | 1,398.91 |
| נעשאנאל באארד און דירעקטארס — — — — — — | 1,816.42 | 1,744.67 | 2,299.86 |
| מעדיצינישע בעראטונג — — — — — — — — | 27.25 | 42.80 | ——— |
| אוידיטינג קאמיטע — — — — — — — — — | 881.77 | 1,682.85 | 1,446.17 |
| אפיסערס באנדס — — — — — — — — — | 28.00 | 28.00 | 28.00 |
| אוידיטאר און עקטשוערי — — — — — — — | 575.00 | 800.00 | 1,283.89 |
| עקספרעסעדזש — — — — — — — — — — | 2.27 | 6.03 | 28.42 |
| טשעק קאלעקשאנס — — — — — — — — — | 150.07 | 179.45 | 223.89 |
| סטאטיסטישע ביוראָ — — — — — — — — | 936.00 | 1,040.00 | 1,220.00 |
| גריוועגס קאמיטע — — — — — — — — — | 491.81 | 604.08 | 543.50 |
| בענעפיט קאמיטע — — — — — — — — — | 533.47 | 626.99 | 583.23 |
| אפיס קאמיטע — — — — — — — — — — | 506.51 | 529.24 | 488.45 |
| פראטוירנאל רייטס קאמיטע — — — — — — | 365.67 | 1,136.05 | 884.68 |
| סך הכל פארוואלטונגס־אויסגאבען — | $31,589.31 | $32,832.30 | $40,998.89 |

# אונזערע הויפט פאָנדס

## 1. רעזערוו פאָנד

דער רעזערוו פאָנד האָט דעם 1טען יאנואר 1918 באטראָפען — $596,402.18
דעם 31טען דעצעמבער 1918 — 677,373.55

צואוואוקס פאַר דעם יאָהר — $80,971.37

די איינגאַהמען פאַר דיזען פאָנד זיינען געקומען פון:

איינטריטס געלד פון נייע מיטגליעדער — $13,891.00
33½ פראָצענט פון מאָרטשוערי פאָנד — 46,093.75
פראָצענט פון באָנדס — 29,821.47
פראָצענט פון סייווינגס בענק — 1,366.54
פארגרעסערונג אין מארקעט פרייז פון באָנדס אין אָנפאנג פון יאָהר 1918 — 6,880.00
געלדער ערהאַלטען פון נייע אפליקאַנטען — 2,177.36

סך הכל — $100,320.12

פון דעם ווערט ארונטערגערעכט פאָל־גענדעס:

אינטערעסט אויף „לייבאָר ליעג" דעפאזיט . 30.00
פארקלענערונג אין מארקעט פרייז פון באָנדס 19,318.75

סך הכל — 19,348.75

ארונטעררעכענענדיג די אויסגאַבען פון די איינ־נאהמען, בלייבט פאַר דעם יאָהר 1918 א ריינער צואוואוקס אין רעזערוו פאָנד די סומע פון — $80,971.37

## 2. טויטען בענעפיט (מאָרטשוערי) פאָנד

די אַסעסמענטס פאַר דעם טויטען בענעפיט פאָנד אין יאָהר 1918 זיינען געוועזען ווי פאָלגט:

מארטשוערי פאָנד (טויטען בענעפיט פאָנד) פון 100 דאל. אינשורענס פאַר דעם גאַנצען יאָהר 1918 לויט קלאַס און עלטער (ווען אַריינגעטראָטען אין אַרב. רינג.)

| עלטער | Cl. IV. | Cl. III. | Cl. II. | Cl. I. |
|---|---|---|---|---|
| 18 | $0.18 | $0.36 | $0.36 | $0.72 |
| 19 | .18 | .36 | .36 | .72 |
| 20 | .19 | .38 | .38 | .76 |
| 21 | .19 | .38 | .38 | .76 |
| 22 | .19 | .38 | .38 | .76 |
| 23 | .19 | .38 | .38 | .76 |
| 24 | .20 | .40 | .40 | .80 |
| 25 | .20 | .40 | .40 | .80 |
| 26 | .20 | .40 | .40 | .80 |
| 27 | .20 | .40 | .40 | .80 |
| 28 | .21 | .42 | .42 | .84 |
| 29 | .21 | .42 | .42 | .84 |
| 30 | .21 | .42 | .42 | .84 |
| 31 | .21 | .42 | .42 | .84 |
| 31 | .22 | .44 | .44 | .88 |
| 32 | .22 | .44 | .44 | .88 |
| 33 | .22 | .44 | .44 | .88 |
| 34 | .23 | .46 | .46 | .92 |
| 35 | .23 | .46 | .46 | .92 |
| 36 | .24 | .48 | .48 | .96 |
| 37 | .24 | .48 | .48 | .96 |
| 38 | .25 | .50 | .50 | 1.00 |
| 39 | .25 | .50 | .50 | 1.00 |
| 40 | .26 | .52 | .52 | 1.04 |
| 41 | .27 | .54 | .54 | 1.08 |
| 42 | .27 | .54 | .54 | 1.08 |
| 43 | .28 | .56 | .56 | 1.12 |
| 44 | .29 | .58 | .58 | 1.16 |
| 45 | .30 | .60 | .60 | 1.20 |

די איינגאַהמען פאַר דיזען פאָנד זיינען געקו־מען פון:

דיוס — $137,593.70
פראָצענט פון נארדיענשיפ אקאונט — 280.73
ריאינסטייטמענט מעמבערס — 601.25

סך הכל — $138,475.68

אויסגאַבען:

33½ פראָצענט פאַר דעם רעזערוו פאָנד — $46,093.75
אויסגעצאָהלטע טויטען קליימס — 77,828.89

סך הכל — $123,922.64

דער סוירפּלוס אין טויטען בענעפיט פאָנד פאַר דעם יאָהר 1918 באטרעפט — 14,553.04
צוזאמען מיט דעם באלאַנס פון לעצטען יאָהר, וועלכער האָט באטראָפען — 103,662.26

איז דער טאָטאַל באלאַנס — $118,125.30
געגען דיזען באלאַנס האָבען מיר שולדען פאַר טויטען בענעפיט — 66,841.15
דער נעט סוירפּלוס אין טויטען בענעפיט פאָנד ענדע יאָהר 1918 באטרעפט אלזאָ — $51,374,15

## 3. קראַנקען און קאָנסאָמפּשאַן בענעפיט פאָנד

די איינגאַהמע פון קראנקען בענעפיט פאָנד, צו וועלכען מעמבערס פון ערשטער, צווייטער און פערטער קלאַס האָבען געצאָהלט צו 90 סענט א קוואָרטאַל, האָט באטראָפען — $194,402.70
ארונטעררעכענענדיג דעם פארלוסט פון גע־שטראָכענע מעמבערס — 1,907.76

בלייבט א נעט איינקונפט — $192,494.94
די אויסגאַבען פאַר קראנקען בענעפיט האָבען באטראָפען — 215,637.00
דער דעפיציט אין דיזען פאָנד פאַר דעם יאָהר 1918 איז אלזאָ געוועזען — 23,142.06
באלאַנס פון לעצטען יאָהר 1917 — 36,756.55

דער טאָטאַל סוירפּלוס ענדע 1918 איז $13,614.49
די איינגאַהמע פון דעם קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט פאָנד, צו וועלכען די מעמבערס פון ער־שטער, צווייטער און פערטער קלאַס האָבען געצאָהלט צו 10 סענט א קוואַרטאַל, האָט באטראָפען — $21,630.30
ארונטעררעכענענדיג דעם פארלוסט פון גע־שטראָכענע מעמבערס — 190.33

באטרעפט די נעט איינקונפט — $21,439.97
די אויסגאַבען זיינען געוועזען — 16,072.96

פאַר דעם יאָהר 1918 בלייבט א סוירפּלוס פון $5,367.01
צוזאמען מיט דעם באלאַנס פון פריהערדיגע יאָהרען — 39,458.14
האָבען מיר דעם 31טען דעצעמבער 1918 גע־האַט א סוירפּלוס אין דעם קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט פאָנד אויף א סומע פון — $44,825.15

## 4. די סאַניטאַריום פאָנדס

די סאַניטאַריום פאָנדס, וועלכע באשטעהען פון דעם אויפהאַלטונגס פאָנד און דעם בילדונגס פאָנד, האָבען דעם 31טען דעצעמבער 1918 באטראָפען — $129,235.03

### א. דער אויפהאַלטונגס פאָנד

איינגאַהמע:

דיוס פון מעמבערס — $54,075.75
ארונטעררעכענענדיג דעם פארלוסט פון גע־

געוועזן אין באסטאן און זיך דורכגערעדט מיט דער באארד אוו דירעקטארס פון לייבאר ליעג. זיי האבן מיטגענומען די גאנין היבשע קארעספאנדענץ אין פארבינדונג מיט דער לעגאליטעט ארבייט אין מאסאטשוזעטס סטייט, אום צו צייגען זיי די ארבייט, וואס איז אין דער הינזיכט אויפגעטון געווארען. זיי האבן באטאנט פאר די באארד אוו דירעקטארס פון לייבאר ליעג, אז אונזער נאצ. עקזעקוטיוו טוט אלעס, וואס איז מעגליך אונטער די אומשטענדען, אז דער ארבייטער רינג זאל ווערען געטשארטערט אין מאסאטשוזעטס סטייט.

פר. גוסקין גיט צו צום באריכט, אז אבוואהל דער באזוך פון די פארטרעטער פון דער נאצ. עקזעקוטיוו וועט, פיליכט, ניט ברענגען קיינע רעזולטאטען, האט עס אבער זיכער געמאכט א גוטע ווירקונג דערמיט, וואס די באארד אוו דירעקטארס פון לייבאר ליעג באגרייפט בעסער די סיטואציע און ווייסט, וואס עס איז פון ארבייטער רינג געטון געווארען.

נאך דעם ווי עס ווערען געשטעלט אייניגע פראגען, ווערט דער באריכט גוטגעהייסען.

## קאמיטעס

פון בר. 295 — בעטען צו שיקען א פארטרעטער צו זייער 10טען יעהרליכען יובילעאום, וואס וועט געפייערט ווערען דעם 10טען מאי. — באשלאסען באוויליגען זייער פארלאנג. — ערוועהלט פר. וויינשטיין.

פון בר. 280 — לאדען איין צו שיקען א פארטרעטער צו זייער 10טען יעהרליכען יובילעאום, וואס וועט געפייערט ווערען דעם 18טען מאי. — באשלאסען באוויליגען זייער פארלאנג. ערוועהלט פריינד אב. עפשטיין.

פון דער קאנפערענץ וועגען א. ה. לייסעאום — פריינדע ב. לעוויטאן און ל. דינערשטיין ווענדען זיך אין נאמען פון דער קאנפערענץ וועגען שאפען א. ר. לייסעאום אין ניו יארק, וואס זאל אויך דיענען אלס האום אפיס:

1) אז די נאצ. עקזעקוטיוו זאל אינדארסירען זייערען א צושריפט וועגען דעם צו די א. ר. ברענטשעס.

2) אז די נאצ. עקזעקוטיוו זאל ברענגען די פראגע צו דער קומענדער קאנוועגשאן אין דעטראיט.

3) אז די עקזעקוטיוו זאל ערוועהלען א פארטרעטער צו זייער 15־ער קאמיטע, וואס איז ערוועהלט געווארען ביי דער קאנפערענץ.

עס ווערט באשלאסען צו האנדלען וועגען דעם ביי איינעם פון די נעקסטע מיטינגען פון דער עקזעקוטיוו.

### רעפארט פון דער קאנוועגשאן קאמיטע

פריינד עפשטיין באריכטעט, אז די קאנוועגשאן קאמיטע האט אויסגעארבייט א ליסט פון ארגינאזאציאנען, וואס וועלען איינגעלאדען ווערען צו דער קאנוועגשאן. עס זיינען געארדערט געווארען בעדזשעס. די קאמיטע האלט איצט אין מאכען ארענדזשמענטס פאר ספעשעל טריינס פאר די דעלעגאטען. ס'איז באשטימט געווארען צו שיקען אין דעטראיט צוויי מיטגליעדער פון דער קאמיטע מיט צוויי טעג פריהער, פאר דער ערעפענונג פון דער קאנוועגשאן, צו זעהן, אז די לעצטע ארענדזשמענטס זאלען געמאכט ווערען. אלס פארטרעטער פון דער קאמיטע זיינען ערוועהלט געווארען פריינדע וואלבערג און ער (עפשטיין).

באריכט ווערט גוטגעהייסען.

## סעקרעטער'ס רעפארט

פריינד באסקין, דזשענעראל סעקרעטער, באריכטעט, אז דער אסעסמענט פאר'ן קאנוועגשאן פאנד, 7 סענט פער מעמבער פער קווארטאל, איז ניט גענוג, ווען די באהן הוצאות איז פאר די לעצטע צוויי יאהר אזוי געשטיגען.

ער ערקלערט, אז לעצטעס יאהר איז פון קאנוועגשאן באשטימט געווארען 5,000 דאלאר פאר'ן עדיוקיישאנאל פאנד, דער אסעסמענט איז אבער געבליבען דער זעלבער ווי פריהער. מען וועט דארום דארפען אדער באשליסען א ספעשעל אסעסמענט צו דעקען דעם דעפיציט פון עדיוקיישאנאל פאנד, וואס באטרעפט ארום 1,200 דאלאר, אדער רעקאמענדירען צו דער קאנוועגשאן צו פארגרעסערען בכלל דעם אסעסמענט.

ער פרעגט צי מען זאל דיעזען יאהר אויך נעהמען אין „פארווערטס" א פיידזש פאר דעם קאנוועגשאן רעפארט פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו.

פר. באסקין באריכטעט, אז אין פארלויף פון לעצטען קווארטאל זיינען אריינגענומען 6088 נייע מעמבערס.

פאר'ן א. ר. רעליעף פאנד איז איצט פאראן אין אפיס ארום 19,000 דאלאר. אבער ס'איז באוואוסט, אז פיעלע ברענטשעס און אויניגע סיטי און דיסטריקט קאמיטעס האבען נאך ביי זיך געלדער, קאלעקטירט בייגעשטייערט פאר דעם פאנד.

דער א. ר. האט געהאט 2411 גערדרעפטעטע מעמבערס. פון זיי זיינען צוריקגעקומען אכט הונדערט און עטליכע זעכציג.

אין פארלויף פון דעם קווארטאל זיינען רעפארטעט געווארען 151 טויטען־פעלע, די אינשורענס פון וועלכע באטרעפט $41,400. פיעלע פון די טויטען־פעלע זיינען נאך פון לעצטען קווארטאל, נאר זיינען ערשט איצט רעפארטעט געווארען.

דער וועליוואיישאן רעפארט איז ארויסגעשיקט געווארען צו די אינשורענס דעפארטמענטס פון די סטייטס, וואו מיר האבען געמאכט אפליקיישאנס פאר טשארטערס.

ער מאכט אויפמערקזאם, אז מען דארף ערוועהלען א קאמיטע צו צעהלען דעם רעפערענדום באלאט פאר דער קומענדער פארוואלטונג.

דעם סעקרעטער'ס רעפארט ווערט גוטגעהייסען.

אלס צעהלער קאמיטע פאר דעם רעפערענדום באלאט פון דער קומענדער עקזעקוטיוו ווערען ערוועהלט פריינדע שפינראד און סילווערמאן.

עס ווערט באשלאסען צו האבען דעם קאנוועגשאן רעפארט פון דער עקזעקוטיוו געדרוקט אין „פארווערטס", דעם 1טען מאי.

עס ווערט באשלאסען צו שיקען א פראטעסט רעזאלוציאן צו דער באארד אוו אלדערמען געגען דעם פראיעקט פון מעיאר היילען צו באגרעניצען די פארזאמלונגס־פרייהייט פון פרעמד־שפרעכענדע ארגאניזאציאנען, אויך אויפפאדערען דורך דער פרעסע די א. ר. ברענטשעס אין גרייטער ניו יארק צו שיקען אזלעכע רעזאלוציאנען צום מעיאר און די באארד אוו אלדערמען.

## באריכט פון צעהלער קאמיטע

פריינד ל. ראטהמאן באריכטעט, אז די צעהלער קאמיטעס האבען געצעהלט די נויארקער און קאונטרי באלאטס פאר דעלעגאטען צו דער קאנוועגשאן. — די ברענטשעס האבען דיעזען יאהר ארויסגעצייגט א לעבעדיגען אינטערעס אין די וואהלען און א גרויסע צאהל שטימען איז איבערגעל אפגעגעבען געווארען. די רעזולטאטען פון דער אפשטימונג זיינען אנצנכירט געווען אין „פארווערטס". — באריכט ווערט גוטגעהייסען.

## טשערמאן'ס ראפארט

פריינד עפשטיין באריכטעט, אז ס'איז אפגעהאלטען געווארען א ספעשעל מיטינג פון די טשערלייט פון די דעפארטמענט קאמיטעס צו פארהאנדלען דעם צושריפט פון דער סאצ. פארטיי לאקאל פילאדעלפיא וועגען רופען אונזערע מעמבערס צו א דזשענעראל סטרייק דעם טאג, ווען יודזשין וו. דעבס וועט ארעסטירט ווערען. — עס איז באשלאסען געווארען צו אונטערשטיצען אין פרינציפ דיעזען צושריפט און אזוי שנעל, ווי עס וועט צווישען די יוניאנס געשאפען ווערען אזא באוועגונג, זאלען מיר זיך אנשליסען. — באריכט ווערט גוטגעהייסען.

עס ווערען פארגעלעזען די רעקאמענדיישאנס פון דער נאצ. עקזעקוטיוו, אויסגעארבייט פון דער אלגעמיינער רעקאמענדיישאן קאמ. (געדרוקט אין אן אנדער פלאץ אין דיעזען נומער „פריינד") און גוטגעהייסען.

דער קאנוועגשאן רעפארט פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו ווערט פארגעלעזען און גוטגעהייסען.

* * *

עס ווערט באשטימט צו האבען א פארזעצונג פון דעם מיטינג דאנערשטאג אבענד, דעם 10טען אפריל, כדי אויסצוהערען באריכטען פון די דעפארטמענט קאמיטעס.

---

א פארטזעצונג פון דעם מאנאטליכען מיטינג פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו ווערט אפגעהאלטען דאנערשטאג אבענד, דעם 10טען אפריל, מיט פריינד ל. ראטהמאן אלס טשערמאן.

### רעפארט פון דער ארגאניזאציאנס קאמיטע

פריינד דינערשטיין, טשערמאן פון דער קאמיטע, באריכטעט, אז די הארטפארד דיסטריקט קאמיטע האט ארגאנזשירט א מאס־מיטינג אין פארבינדונג מיט דעם מעמבערשיפ קאמפיין. פריינד אב. עפשטיין איז דארט געוועזען פארטראטען און אדרעסירט דעם מיטינג, וועלכער איז געוועזען גוט באזוכט. זיי האבען באדאנקט די עקזעקוטיוו פאר שיקען צו זיי א פארטרעטער.

די טאראנטא סיטי קאמיטע האט צווישען אנדערעס געשריבען, אז זייער מעמבערשיפ איז ניט ערפאלגרייך, ווייל די ארבייט ביי זיי איז באשרענקט: זיי האבען א באשלוס אריינצונעמען אין ארבייטער רינג בלויז יוניאן־לייטע.

די פיטסבורג דיסטריקט קאמיטע האט באשטעטיגט, אז זיי האבען געהאט זייער האלב־יעהרליכען קאנפערענץ. די פארטרעטער פון די ברענטשעס האבען פארשפראכען צו טאן גוטע ארבייט. א נייע דיסטריקט קאמיטע איז ביי זיי ערוועהלט געווארען און זיי האבען באשלאסען צו גרינדען ברענטשעס אין ברעדאק, מעקיספארט, און אויך זעהן אויפלעבען די ארבייט אין דעם ברענטש פון קענאסוויל. זיי האבען געבעטען צו שיקען א פארטרעטער צו זייער מאס־מיטינג, וואס זיי ארגאנזשירען אין מאנאט מאי, אין פארבינדונג מיט דעם מעמבערשיפ קאמפיין. עס איז באשלאסען געווארען זיך צו ענטפערען, אז דאמאלס וועט אונמעגליך זיין צו שיקען צו זיי א פארטרעטער.

אין א געוויסען ברענטש אין פענס:לווייניא סטייט האט דער סעקרעטער אין גאנצען ניט געפיהרט קיין ביכער און ביים ענדע פון קווארטאל איז דארט ניט געוועזען קיין קלארער חשבון ווער עס האט יא באצאהלט און ווער ניט. פריינד גערשאנאוו איז געוועזען דארט פארטראטען און די זאך איז געשליכטעט געווארען אויף א פריינדליכען אופן.

די מאנטרעאל דיסטריקט קאמיטע האט געמאלדען, אז צוליעב דעם אידישען קאנגרעס, וואס וועט ביי זיי קירצליך פארקומען, האבען זיי אפגעלעגט דעם מיטינג, וואו פריינד וואלאס האט געדארפט זיין פארטראטען. צוליעב דעם איז שוין אויך אפגעלעגט געווארען דער מיטינג אין טאראנטא.

די נוארק דיסטריקט קאמיטע האט רעזיגנירט אלס א גאנצע, אנגעבענדיג אלס אורזאכע 1) צוליעב דעם וואס אין ניו בראנזוויק, א שטאדט וואס איז אין זייער דיסטריקט, איז געגרינדעט געווארען א נייער ברענטש אהן זייער וויסען, 2) דערפאר ווייל דער קאנפערענץ צו ערוועהלען דעלעגאטען צום קאנוועגשאן איז גערופען געווארען אויף א טאג וואס זיי זיינען געווען געגען דעם. די נאצ. ארגאניזאציאנס־

קאמיטע האט זייער רעזיגנאציאן אנגענומען, ווייל מען האט זיי מיט א צייט צוריק געלאזט וויסען, אז זיי זאלען זיך ניט מישען אין די אנגעלעגענהייטען פון ניו בראנזוויק ברענטש, צוליעב די סכסוכים וואס זיינען פריהער פארגעקומען צווישען דעם ברענטש און דער דיסטריקט קאמיטע. דער פארלאנג פון דער נוארק דיסטריקט קאמ. אפצולעגען די קאנפערענץ צו ערוועהלען דעלעגאטען צום קאנווענשאן איז אויך ניט געוועזען קיין באדעכטיגטער, ווייל די נאציאנאלע עקזעקוטיוו קאמיטע האט באשטימט איין טאג ווען די וואהלען פאר דעלעגאטען זאלען איבער'ן גאנצען לאנד אפגעהאלטען ווערען און די נאצ. ארגאניזאציאנס קאמיטע האט זיך ניט געפיהלט אויטאריזירט צו ענדערען דעם באשלוס פון דער נאצ. עקזעקוטיוו קאמיטע. א קאנפערענץ איז פאררופען געווארען צו ערוועהלען א נייע דיסטריקט קאמיטע. פריינד וואלאס איז געוועזען דארט פארטראטען. ביי דער קאנפערענץ זיינען געוועזען 33 דעלעגאטען. מאנכע ברענטשעס האבען געהאט צו 2 און אנדערע צו 1 דעלעגאט. עס איז ערוועהלט געווארען א קאמיטע פון 9 מיט דער פארשטענדניס, אז זיי זאלען קענען צוציהען ביז 15 מעמבערס אין זייער קאמיטע. די ברענטשעס פון לאנג ברענטש, פריהאלד, רעד בענק און פארט עמבאי האבען זיך ביי דער קאנפערענץ באקלאגט אויף דער דיסטריקט קאמיטע און פארגעשלאגען אז אין נוארק זאל בלויז זיין א סיטי קאמיטע און א באזונדערע דיסטריקט קאמיטע זאל געגרינדעט ווערען פון די ברענטשעס פון די ארומיגע שטעדט. דיעזער פארשלאג איז פארלויפיג פון דער נאצ. ארגאניזאציאנס קאמ. ניט אויפגענומען געווארען.

די סעקסאס דיסטריקט קאמיטע און אויך איניגע ברענטשעס פון דיסטריקט האבען געשריבען, אז זיי ווילען רופען א קאנפערענץ פון זייער דיסטריקט; אז דאס וועט זיין פארבונדען מיט ארום 150—200 דאלאר הוצאות, און זיי בעטען, אז מיר זאלען באוויליגען א העלפט פון די אויסגאבען. עס איז באשלאסען געווארען זיי ענטפערען, אז לויט אונזער קאנסטיטושאן קען ניט באוויליגט ווערען מעהר ווי 3 דאלאר הוצאות הין און צוריק פאר יעדען דעלעגאט צו דער קאנפערענץ.

א נייער ברענטש איז געגרינדעט געווארען אין ברוקלין, פון די אמאלגאמייטעד קלאטהינג וואירקערס, ברענטש 618. דער ברענטש האט אהן ספק א ברייטען פעלד פאר טעטיגקייט און פארשפרייכט זיך פאנאנדערצוואוואקסען אין א גרויסער, שטארקער ארגאניזאציאן.

ער (דינערשטיין) איז געוועזען פארטראטען ביי בר. 183, ווען זיי האבען זיך פאראייניגט מיט בר. 164. די שטימונג ביי דער פאראייניגונג איז געוועזען א זעהר פריינדליכע.

זונטאג, דעם 16טען מערץ, איז ער (דינערשטיין) געוועזען אין פילאדעלפיא ביי דער ארטיגער דיסטריקט קאמיטע, אום אויפצולעבען זייער ארבייט און זיך דורכצורעדען וועגען ווייטערדיגער טעטיגקייט. ער איז אויך געוועזען ביי בר. 135, וואו עס איז פארגעקומען א סכסוך וועגען א געוויסער צאהל מעמבערס, וועלכע זיינען פון זייער ברענטש טראנספערירט געווארען אין דעם נייעם בר. 255. בר. 135 האט גע'טענה'ט, אז מען האט זיי ניט געלאזט וויסען דאס די מעמבערס וועלען טראנספערירט ווערען. זיי זאגען, אז דיעזע מעמבערס זיינען אין יענעם קווארטאל געוועזען מיטגליעדער אין בר. 135 און זיי דארפען דארום באצאהלען די לאקאלע דיוס. עס איז באשלאסען געווארען צו שרייבען צו דיעזע מיטגליעדער, אז זיי דארפען איינצאהלען צו בר. 135 די לאקאלע דיוס פאר יענעם קווארטאל.

פריינד סילווערמאן איז געוועזען פארטראטען ביי דער ניו-יארקער סיטי קאנפערענץ, וועלכע איז ערעפענט געווארען פון פר. דינערשטיין. עס זיינען געוועזען פארטראטען 60 ברענטשעס דורך 95 דעלעגאטען. לויט דעם רעפארט, האט די סיטי קאמיטע, אין פארלויף וואס זי איז אין אמט, אינסטאלירט 7 ברענטשעס. זיי האבען אויסגעדריקט די האפנונג, אז ביז'ן קאנווענשאן וועלען זיי האבען אינסטאלירט 12 נייע ברענטשעס. ביי דער קאנפערענץ איז פארהאנדעלט געווארען די פראגע וועגען א לייבאר ליסעאום און א קאמיטע פון 15 איז ערוועהלט געווארען אויסצוארבייטען א גענויען פלאן.

ראטשעסטער דיסטריקט קאמיטע האט געלאזט וויסען, אז זיי האבען געפיהרט פארהאנדלונגען מיט א גרופע שפאנישע אידען וועגען אנשליסען זיך אן ארבייטער רינג, נאר צוליעב דעם וואס קיינער פון זיי קען ניט קיין אידיש האבען זיי באשטימט זיך ניט אנצושליסען.

די טאלידא ברענטשעס האבען געבעטען, אז פון דער קאנווענשאן אין דיטראיט זאלען איניגע עקזעקוטיוו מעמבערס קומען צו זיי ארגאניזירען א מיטינג, ווייל זיי ווילען די געלעגענהייט אויסנוצען פאר דעם מעמבערשיפ קאמפיין. ס'איז באשלאסען געווארען זייער פאר'אנג צו באוויליגען.

ער (דינערשטיין) איז געוועזען פארטראטען ביי דעם באנקעט פון בר. 96, וואטערבורי, קאנג., וואס איז אראנזשירט געווארען לכבוד זייער 10 יעהריגען יובילעאום. ער האט זיי באגריסט אין נאמען פון דער עקזעקוטיוו. זיי האבען פארשפראכען צו שאפען געלד פאר'ן ארבייטער רינג רעליעף פאנד.

די מינעאפאליס דיסטריקט קאמיטע האט געלאזט וויסען, אז זיי פיהרען אן זייער קאמפיין פאר נייע מעמבערס. זיי האבען פארלאנגט, אז מען זאל באוויליגען פאר זיי די הוצאות פון זייערען א פארטרעטער ארויסצופאהרען אין איניגע נאהענטע שטעדטלאך אין זייער דיסטריקט. עס איז באשלאסען געווארען צו פרעגען ביי זיי וואס פאר אויסזיכטען זיי האבען אין צוזאמענהאנג מיט דעם באזוך פון די שטעדט.

די לאס אנדזשעלעס סיטי קאמיטע האט געלאזט וויסען, אז בר. 559 וועט זיך פאראייניגען מיט בר. 248.

רעפארט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפארט פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע.

פריינד צביון, טשערמאן פון דער קאמיטע, באריכטעט, אז די ארבייטער רינג שולען אין גרעיטער ניו יארק זיינען ערפאלגרייך. די איינציגע אויסנאהמע איז די בראנזווילער שול, וועלכע איז נאך ניט אוועקגעשטעלט געווארען אויף א געזונטען באדען, אבער עס זיינען דא אלע אויסזיכטען צו מאכען אויך די שול פאר אן ערפאלג, אויב די בראנזוויל שול קאמיטע וועט זיך נאר נעהמען אביסעל ענערגיש פאר דער ארבייט.

די הארלעם שול קאמיטע האט באשלאסען צו אראנזשירען 2 לעקטשור קורסען: איינעם איבער קולטור געשיכטע און די צווייטע איבער אידישע היסטאריע.

די פרייע אידישע פאלקס-ביהנע און דער ארבייטער רינג כאר האבען זיך באקלאגט, אז זיי האבען ניט פון וואנען צו דעקען די אויסגאבען ווען זיי שיקען קרעפטע צו אינסטאלירשאן פון נייע ברענטשעס. די נאציאנאלע עדיוקיישאנאל קאמיטע האט באשלאסען, אז אין אזעלכע פעלע זאלען די אויסגאבען געדעקט ווערען העלפט פון עדיוקיישאנאל און העלפט פון ארגאניזאציאנס פאנד. ער באריכטעט, אז אין דעם סעט ביכער, וואס ווערט דיעזען יאהר ארויסגעגעבען, געהען אריין פאלגענדע: זאאלאגיע, פון צביון; פיזיאלאגיע, פון דר. מעריסאן; פאליטישע עקאנאמיע, פון א. ש. זאקס; געאלאגיע, פון דר. קאספע; כעמיע, פון פיינשטיין; קאאפעראטיווע באוועגונג, פון א. סטאלינסקי.

דער בוך איבער אריטמעטיק, פון ה. בורגין, און די כרעסטאמאטיעס, צוזאמענגעשטעלט פון אלגין, וועלען ארויס אלס באזונדערע ביכער. די עדיוקיישאנאל קאמיטע האט אויך באשלאסען ארויסצוגעבען א בוך איבער פיזישע ערציהונג פון קינדער.

פאפיער איז באשטעלט געווארען פאר אלע ביכער וואס וועלען יעצט געדרוקט ווערען. ביז יעצט זיינען פארקויפט געווארען 50 סעטס ביכער פון די נאטען, אבוואהל מען האט זיי נאך ניט אדווערטייזט, אויסער'ן „פריינד“.

דיעזען סיזאן זיינען אראנזשירט געווארען 109 לעקטשורס, איינגעשלאסען די לעקטשורס פון פריינד א. ש. זאקס.

די עדיוקיישאנאל קאמיטע האט אין פארלויף פון דיעזען קווארטאל אונטערשטיצט די פארשיעדענע ארבייטער רינג שולען מיט דעם סומע 1,698 דאלאר, קאלעקטירט געווארען אין דיעזען קווארטאל פאר דעם פאנד איז בלויז 1,126 דאלאר, אבער אזוי ווי די גרעסטע טייל פון די שולען האבען שוין אפגענומען זייערע פולע בודזשעטס, וועט די איינגאהמע פאר דעם פאנד פון דעם קומענדען קווארטאל דעקען דעם דעפיציט פון לעצטען קווארטאל.

עס ווערט באשלאסען צו האנדלען וועגען דעם בוך איבער פיזישע ערציהונג פון קינדער ביים נעקסטען מיטינג, און דער רעפארט פון דער עדיוק. קאמיטע ווערט דאן גוטגעהייסען.

## רעפארט פון דער אפיס קאמיטע

פריינד דייווידאף, טשערמאן פון דער קאמיטע באריכטעט, אז א געוועזענער מעמבער האט זיך צוריק פארגעשלאגען אין זיין ברענטש. אזוי-ווי ער איז געוועזען קראנק אויף קאנסאמפשאן האט דער דאקטאר איהם צוריקגעוויזען. דער ברענטש האט דערווייל איינגעהאלטען זיין איינטריטס-געלד אויף'ן חשבון פון אלטען חוב, וואס ער איז שולדיג געבליבען. דער מעמבער האט זיך באקלאגט געגען דער האנדלונג פון ברענטש. די אפיס קאמיטע האט באשלאסען דעם באטרעפענדען צוריק אריינצונעהמען אלס מעמבער, מיט א „וויייווער“ געגען קאנסאמפשאן.

פריינד בענעסאן האט זיך געווענדעט מיט א בריעף, אז מען זאל באוויליגען א ספעשעל אדווערטייזמענט פאר דער שיקאגא אויסגאבע פון „פארווערטס“. אזוי ווי די גרעסטע טייל פון אונזערע אדווערטייזמענטס אין „פארווערטס“ ווערען אריינגעגעבען פאר ניו יארק און פאר דער קאנטרי, איז פריינד באסקין בעאויפטראגט געווארען זיך דורכצורעדען מיט דעם מענעדזשער פון „פארווערטס“, אז אונזערע אדווערטייזמענטס זאלען אויך ערשיינען אין דער שיקאגאר אויסגאבע. פריינד וולאדעק, דער מענעדזשער פון „פארווערטס“, האט געענטפערט, אז אין דער שיקאגא'ר אויסגאבע געהען געוועהנליכע אדווערטייזמענטס ניט אריין. די אפיס קאמיטע האט באשלאסען איבערגעבען די פראגע צו דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע.

בר. 364 האט זיך געווענדעט וועגען פאלגענדעס: 2 מעמבעס זייערע זיינען אוועקגעפאהרען נאך רוסלאנד מיט א יאהר צוריק און דער ברענטש האט אין 68טען קווארטאל באשלאסען זיי צו שטרייכען. אין דזשענעראל אפיס האט מען וועגען דעם ניט געלאזט וויסען. זיי האבען פארלאנגט, אז מען זאל זיי קרעדיטירען מיט דער סומע וואס דער אפיס האט פאר די 2 מעמבערס גערעכענט. עס איז באשלאסען געווארען צו שטרייכען דיעזע 2 מעמבערס פון יעצט, אבער ניט קרעדיטירען זיי מיט דער סומע פאר דער צייט וואס דיעזע 2 מעמבערס זיינען אין אפיס פאקטיש געוועזען פאררעכענט אלס מעמבערס.

פריינד דייווידאוו ציהט די אויפמערקזאמקייט פון דער עקזעקוטיוו אויף פאלגענדע 2 פעלע: פון בר. 256 איז מיט א צייט צוריק צוגעשיקט געווארען אן אפליקיישאן פאר א געוויסען פרידמאן. די אפליקיישאן איז צוריקגעשיקט געווארען צום ברענטש צו מאכען געוויסע קארעקשאנס. די אפליקיישאן איז ביי זיי פארלארען געגאנגען און דערווייל איז דער מעמבער געשטארבען. א צווייטער עהנליכער

פאַל איז געווען אין ברענטש פון ביווער פאָלס. אין מאָנאַט פעברואַר איז אין אָפיס אָנגעקומען אַן אַפּליקיישאַן פון זייערען אַ מעמבער און איז צוריקגעשיקט געוואָרען אין ברענטש פאַר געוויסע קאָרעקשאָנס. דעם 17טען מערץ איז דער אַפּליקיישאַן דאָס צווייטע מאָל ערהאַלטען געוואָרען אין אָפיס. ער איז אין די ביכער נאָך ניט אַריינגעצויגען געוואָרען אַלס מעמבער און קיין מעמבערשיפ סערטיפיקייט איז פאַר איהם נאָך ניט אַרויסגעשיקט געוואָרען, און דעם 21טען מערץ איז דער באַטרעפענדער געשטאָרבען.

אַזוי ווי אין פאַרלויף פון דעם יאָהר האָבען זיך געטראָפען אייניגע אַזעלכע פעלע, האָט די אָפיס קאָמיטע באַשטימט צו רעקאָמענדירען צו דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו, אַז ס'זאָל אָפּגעשאַפט ווערען די יעצטיגע סיסטעם פון אָננעהמען אַפּליקיישאָנס ביז דעם 15טען פון 3טען מאָנאַט אין קוואַרטאַל און איינפיהרען אַז יעדער נייער קאַנדידאַט זאָל איינגעפיהרט ווערען אין די ביכער דעם טאָג וואָס זיין אַפּליקיישאַן קומט אַריין אין אָפיס.

אַרענדזשמענטס זיינען געמאַכט געוואָרען מיט דער פאַרמערס לאָאַן אין טראַסט קאָמפּאַני צו האָבען אַ דעפּאָזיט אין אַ באַנק אין דעטראָיט פאַר די אויסגאַבען פון קאָנווענשאַן.

צוויי קעבינעטס זיינען געאָרדערט געוואָרען פאַר פאַרשיעדענע פיילינג פון דעם מעמבערשיפ דעפּאַרטמענט.

די נאַצ. בענ. קאָמ. האָט איבערגעגעבען, אַז אַ געוויסער בר. פון פילאַדעלפיא צאָהלט ניט רעגעלמעסיג קיין בענ. צו זייערע מעמבערס. איין פאַל איז געווען, ווען דער אָפיס האָט מיט עטליכע מאָנאַטען צוריק קרעדיטירט דעם ברענטש מיט 15 וואָכען בענעפיט פאַר אַ געוויסען מעמבער און זיי האָבען נאָך די בענעפיט צו איהם ביז יעצט ניט אויסגעצאָהלט. די בענעפיט קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו שיקען אַ פאַרטרעטער אין פילאַדעלפיא צו אונטערזוכען די אַנגעלעגענהייט אין ברענטש. די אָפיס קאָמיטע האָט איינגעזעהן, אַז ס'איז נויטווענדיג צו אונטערזוכען אין אַלגעמיין דעם צושטאַנד פון דיזען ברענטש און באַשטימט צו שיקען אַ פאַרטרעטער צו זיי, צו דער זעלבער צייט ווען עס וועט זיין דאָרט דער פאַרטרעטער פון דער בענעפיט קאָמיטע.

עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו אָרדערען בלענקס פון רעסיטס פאַר דעם טרעזשורער און סעקרעטער פון די ברענטשעס. אויך איז געאָרדערט געוואָרען אַ בלענק פון אַן אַפידייוויט, אין פאַל אַ קאַנדידאַט איז עלטער פון 38 יאָהר, זאָלען די ברענטשעס האָבען אַזעלכע בלענקס אויסצופילען.

עס ווערט באַשלאָסען צו האַנדלען ביים נעקסטען מיטינג וועגען דער רעקאָמענדיישאַן, דאָס יעדער נייער קאַנדידאַט זאָל איינצאָהלען פון דעם טאָג, וואָס זיין אַפּליקיישאַן קומט אַריין אין אָפיס. דער רעפּאָרט פון דער אָפיס קאָמיטע ווערט דאַן גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער בענעפיט קאָמיטע

פריינד ל. ראָטהמאַן, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז אַ מעמבער פון אַ פילאַדעלפיער ברענטש האָט זיך באַקלאָגט דאָס מען צאָהלט איהם ניט אויס די בענעפיט, ניט אַכטענדיג דאַרויף וואָס דער אָפיס האָט קרעדיטירט דעם ברענטש מיט זיין בענעפיט נאָך מיט עטליכע מאָנאַטען צוריק. ווי דער באַטרעפענדער מעמבער האָט ערקלערט, איז ער ניט דער איינציגער צו וועמען בענעפיט ווערט דאָרט אין ברענטש אונרעגעלמעסיג אויסגעצאָהלט. די נאַציאָנאַלע בענעפיט קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו זעהן נעהמען אַ שטעלונג געגען אַזאַ פיהרונג פון ברענטש, און באַשטימט צו שיקען אַ קאָמיטע די זאַך צו אונטערזוכען. עס איז אויך באַשלאָסען געוואָרען אויפמערקזאַם צו מאַכען די אָפיס קאָמיטע אויף דעם פאַל.

פריינד ראָטהמאַן ערקלערט, אַז די קאָמיטע אַטענדעט צו זייערע רוטינע אַרבייט און באַזוכט פון צייט צו צייט ברענטשעס, ווען עס האַנדעלט זיך וועגען צווייפעלהאַפטע בענעפיט. דער בענעפיט דעפּאַרטמענט, וועלכער איז, אַ דאַנק דער אינפלוענציע, ווען עס זיינען אַריינגעקומען אין די טויזענדער סערטיפיקייטס, געווען היגטערשטעליג אויף עטליכע וואָכען, איז יעצט הינטערשטעליג בלויז אויף 11 טעג. זיי ערוואַרטען, אַז דער בענעפיט דעפּאַרטמענט וועט אין גיכען זיין „אַפּ־טו־דייט“.

רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע

פריינד גוסקין, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז מרס. און מר. וואַנדערסטאַק האָבען אַריינגעשיקט זייער רעזיגנאַציאָן, וועלכע זיינען פון דאָקטאָר און פון דער קאָמיטע אָנגענומען געוואָרען.

אַ נייע קעכין איז אָנגעשטעלט געוואָרען אין סאַניטאַריום, וועלכע איז זעהר קאָמפּעטענט אין איהר אַרבייט און די פּאַציענטען זיינען פון איהר מאָלצייטען און פון איהר קאָכען העכסט צופריעדען.

אַ געוויסען פּאַציענט האָט געשלאָגען אַ צווייטען פּאַציענט. דער דאָקטאָר, ווי אויך די קאָמיטע, איז געווען מיט דער מיינונג, אַז מען דאַרף דעם באַטרעפענדען אַרויסשיקען פון סאַניטאַריום, אָבער אַזוי ווי ער האָט סיי ווי געדאַרפט פאַרלאָזען דעם סאַניטאַריום, ווייל ער האָט זיך אַרויסגעצייגט ניט צו ליידען אויף קאָנסאָמפּשאָן, איז באַשטימט געוואָרען צו וואַרטען ביז דער צייט ווען מ'האָט איהם געוועהנליך געדאַרפט אויסשרייבען, אָבער אויף זיין רעקאָרד איז פאַרשריבען געוואָרען, אַז מען האָט איהם אַרויסגעשיקט פאַר ניט אויפפיהרען זיך ווי געהעריג.

אַ צווייטער פּאַציענט (גאָרדאָן) איז אין דער צייט פון עסען גע־וואָרען אין כעס און געוואָרפען אַ גלאָז אין דיינינג רום, און דאָס האָט אָנגעמאַכט אַ שרעקליכען טומעל. די אַלגעמיינע אויפפיהרונג פון דיזען פּאַציענט איז זעהר ניט קיין שעהנע. אויך דיזער פּאַציענט האָט זיך אַרויסגעצייגט ניט צו ליידען אויף טובערקולאָזיס, און עס איז דאַרום באַשלאָסען געוואָרען, אַז נאָכדעם ווי ער וועט אויסגעשריבען ווערען פון סאַניטאַריום, זאָל אַ קאָמיטע פאָהרען צום בר. וואו דער באַטרעפענדער איז אַ מעמבער, און אינפאָרמירען זיי וועגען זיין אויפפיהרונג.

דר. קלימענקאָ האָט צוגעשיקט אין דער ביבליאָטעק פון סאַניטאַריום אַלס מתנה 13 בענדער פון מענדעלע מוכר ספרים. אַ דאַנק בריעף איז צו איהם געשיקט געוואָרען.

עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו פאַרפלאַנצען 50 בוימער צרום דעם טשיקען קופּ, ווייל, לויט דער מיינונג פון עקספּערטען פון די טשיקען פאַרמס, איז זעהר גוט צו האָבען בוימער, אום די טשיקענס זאָלען זיך אונטער זייערע שאָטענס קענען באַשיצען פון דער זון און פון רעגען. עס איז אויך באַשטימט געוואָרען אַוועקצושטעלען הויכע בוימער ביים אַריינפאָהרען פון סאַניטאַריום, און דאָס וועט זיכער מאַכען אַ בעסערען איינדרוק אויף דעם גאַנצען סאַניטאַריום ביים אַריינפאָהר.

אין סאַניטאַריום זיינען יעצט פאַראַן אַרום 2600 טשיקענס, און פאַר די אינקיובייטאָרס נוצט מען אייער פון סאַניטאַריום טשיקענס.

עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו סעמענטען דעם פּלאַץ אויטסייד אַרום דער קיטשען.

אויף דעם פּלאַץ פון מרס. וואַנדערסטאַק איז אָנגעשטעלט געוואָרען אַ „טרעינד“ נוירס און אויף דעם פּלאַץ פון מר. וואַנדערסטאַק איז צוריק אַוועקגעשטעלט געוואָרען מאַרגאָלים, וועלכער האָט פריהער דעם פּלאַץ פאַרנומען. אין דער סטאָר רום אַרבייט צייטווייליג אַ געוועזענער פּאַציענט, ביז מען וועט קריגען אַ צווייטען אויף זיין פּלאַץ.

רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער גריוועגס קאָמיטע

פריינד מ. ווייגבלאַט, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז אַ געוויסער מעמבער האָט אַפּעלירט געגען זיין ברענטש וועגען פאָל־גענדעם:

מיט אונגעפעהר אנדערהאַלבען יאָהר צוריק האָט דער ברענטש אָנגענומען אַ באַשלוס, דאָס שטיצע איבער 25 דאָלאַר דאַרף באַשטימט ווערען ביי אַ ספּעשעל מיטינג. ביי איינעם פון זייערע רעגול. מיטינגען איז באַשלאָסען געוואָרען צו קויפען באָנדס פון דער ניו יאָרקער „קאָל“ פאַר 100 דאָלאַר. ער האָט אַפּעלירט געגען דער האַנדלונג פון ברענטש, ווייל דאָס האָט געדאַרפט באַשטימט ווערען ביי אַ ספּעשעל מיטינג. די פאַרטרעטער פון ברענטש האָבען גע'טענה'ט, אַז דער פּונקט איז געפּאַסט געוואָרען הויפּטזעכליך צוליעב דעם, אום צו פאַרהיטען, אַז די שטיצע זאָל ניט אַרויסגעגעבען ווערען פון מעמבערס, ווען דאָס איז אַ סומע פון 25 דאָלאַר אָדער מעהר; אַז אין דעם פּונקט רעדט זיך אָבער ניט וועגען שטיצען אינסטיטושאָנס אָדער מאַכען אינוועסט־מענטס. זיי האָבען אַנגעדייטעט, אַז דאָס קויפען באָנדס פון דער „קאָל“ ווערט באַטראַכט פון דעם ברענטש אַלס אַ „ביזנעס פּראָפּאָזישאָן“, און ניט אַלס שטיצע. דער אַפּעלאַנט אָבער האָט אָנגעצייגט, אַז דער בר. וועט אַרויסגעבען פון קאַסע די 100 דאָלאַר, וועלכע ער וועט ניט קענען צוריק קריגען ווען ער וועט וועלען, און דאַרום איז דאָס ניט קיין געוועהנליכע אינוועסטמענט און די פראַגע דאַרף פאַרהאַנדעלט ווערען ביי אַ ספּעשעל מיטינג. די גריוועגס קאָמיטע האָט בעאויפ־טראַגט דעם ברענטש צו פאַרהאַנדלען די פראַגע ביי אַ ספּעשעל מיטינג און האָט אויך צוגעשיקט אַ פאַרטרעטער צו יענעם מיטינג, איבער־צוגעבען מינדליך די מאָטיווען פון יענעם באַשלוס. — עס ווערט באַשטימט צו האַנדלען וועגען דעם ביים נעקסטען מיטינג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו.

בר. 441 האָט אַפּעלירט געגען דער בענעפיט קאָמיטע פאַר צוריק־ווייזען בענעפיט פאַר 4 מעמבערס, ווייל קיין סטייטמענטס פון קיין דאָקטאָר זיינען ניט צוגעשיקט געוואָרען. דער ברענטש האָט גע־שריבען, אַז די באַטרעפענדע מעמבערס זיינען קראַנק געוואָרען. דער ברענטש האָט געשריבען, אַז די באַטרעפענדע מעמבערס זיינען קראַנק געוואָרען אויף אינפלוענציע אין דער צייט פון דער מגפה און דער דאָקטאָר וואָס האָט זיי קורירט איז ניט געווען פון דער זעלבער שטאָדט. די 4 מעמבערס האָבען זיך געפונען אין אַ צייטווייליגען שטאָדטישען האָספּיטאַל, און זיי קענען קיין אָנבעלע סטייטמענטס ניט קריגען. די בענעפיט קאָמיטע האָט גע'טענה'ט, אַז זיי קענען ניט גוטהייסען קיין בענעפיט, ניט האָבענדיג קיין סטייטמענט פון אַ דאָקטאָר אָדער האָספּיטאַל, אַז די באַטרעפענדע זיינען געווען קראַנק. די גריוועגס קאָמיטע האָט באַשלאָסען גוטצוהייסען די האַנדלונג פון דער בענעפיט קאָמיטע, מיט דער פאַרשטענדניס, אַז אויב זיי וועלען צושטעלען אירגענד וועלכען סטייטמענט, זאָל די בענעפיט אויסגע־צאָהלט ווערען.

אַ געוויסער מעמבער איז מיט אַ צייט צוריק באַשטראָפט גע־וואָרען, און ווען דער מעמבער האָט אַפּעלירט געגען זייער באַשלוס, האָט דער ברענטש איהם באַגנאַדיגט, אָבער ניט ריינגעוואַשען פון דער קלאַגע. באַשטראָפט האָט מען איהם הויפּטזעכליך דערפאַר, וואָס ער האָט זיך געווענדעט מיט אַן אַפּיעל געגען ברענטש צו דער נאַציאָ־נאַלער גריוועגס קאָמיטע. אַזוי ווי קיין קלאַגע געגען איהם איז פאַקטיש ניט געווען, איז דער מעמבער באַשטאַנען דאַרויף, אַז מען זאָל איהם ריינוואַשען און ניט באַגנאַדיגען. דער אַפּיעל האָט זיך גע־צויגען אַ לאַנגע צייט, ניט אַכטענדיג אויף אַלע צושריפטען פון דער נאַציאָנאַלער גריוועגס קאָמיטע; האָבען זיי ניט געענטפערט, ענדליך האָט די נאַציאָנאַלע גריוועגס קאָמיטע באַשלאָסען איהם ריינצוואַשען, ווייל אַ מעמבער קען ניט באַשטראָפט ווערען צוליעב דעם וואָס ער

באַנוצט זיך מיט דער רעכט פון דער קאָנסטיטושאַן צו אַפּעלירען צו אַ העכערען אינסטאַנץ.

אין אַ געוויסען ברענטש אין קאָנעקטיקוט סטייט האָט אַ מעמבער געשטערט דער אָרטיגער קאָאָפּעראַטיווער בעקעריי. דער ברענטש האָט איהם באַשטראָפט מיט צונעהמען דאָס וואָרט אויף אַ יאָהר צייט און, אויב ער וועט זיך ניט אויפפיהרען ווי געהעריג, אויסשליסען איהם פון אַ. ר. דער מעמבער האָט אַפּעלירט געגען דעם באַשלוס פון ברענטש. די גריוועַנס קאָמיטע האָט געשיקט אַ פאַרטרעטער צום ברענטש אויסצוגעפינען גענוי די איינצעלהייטען וועגען דער קייס. די גריוועַנס קאָמיטע האָט באַשטימט צו מאַכען איהם פאַר אַ מעמבער עט לאַרדזש אויף צוויי יאָהר צייט, און אויב ער וועט אין דער צייט אויפפיהרען זיך ווי געהעריג, רעקאָמענדירען צום ברענטש, אַז ער זאָל צוריק אַריינגענומען ווערען. אין דער צייט, וואָס ער וועט זיין אַ מעמבער עט לאַרדזש, זאָל ער האָבען דאָס רעכט אויף סעמעטערי, פונקט ווי אַ מעמבער פון ברענטש. — דער רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

פ. גליעבטער, רעקאָרדינג סעקרעטער.

# האַרלעמער אידישע אַרבייטער רינג שול

## באַריכט פון איהר טעטיגקייט פון דעם 28טען נאָוועמבער 1918 ביז דעם 31טען מאַרטש 1919.

די האַרלעמער אידישע אַרבייטער רינג שול האָט זיך געגרינדעט דעם 23טען נאָוועמבער 1918. די ערעפענונג האָט געזאָלט פאָרקומען נאָך מיט צוויי וואָכען פריהער, נאָר איבער דעם, וואָס מען האָט ניט געקאָנט קריגען די בענק וואָס מ'האָט ערוואַרטעט, האָט מען געמוזט אָפּלייגען דעם אָנהויב פון די לימודים. דאָס, צוזאַמען מיט דער געהעריגער אָנאָנסירונג פון דער ערעפענונג פון שול דורך דער פּרעסע און ליפלעטס, האָט געבראַכט דערצו, אַז עס זאָלען זיך רעגיסטרירען ביז דער ערעפנונג די פולע צאָהל קינדער, וואָס די שול האָט געקאָנט אַריינגעמען. עס האָבען זיך רעגיסטרירט 229 קינדער. און פון זיי זיינען געקומען דעם ערשטען טאָג 208, אַזוי אַז מען האָט נאָך דער ערעפנונג פון דער שול און דער איינאָרדנונג פון די קלאַסען געקאָנט שליסען די רעגיסטראַציע.

די שול פאַרמאָגט צוויי קלאַס־צימערן. אַט די צימערן זיינען שעהן איינגעאָרדענט, האָבען פּלאַץ יעדעס פאַר אַ 35—40 קינדער סיי לויט די פּלעצער צום זיצען, סיי לויט'ן רוים און דער לופט. די שול האָט אויך געקאָנט באַשעפטיגען בלויז צוויי לעהרער.

שוין פון אָנהויב אָן איז באַשלאָסען געוואָרען אַז דערווייל זאָלען די קינדער לערנען בלויז צו דריי מאָל אַ וואָך, אַנדערהאַלבען שעה יעדעס מאָל; אַזוי אַז יעדער לעהרער זאָל קאָנען האָבען, לערנענדיג 6 טעג אין וואָך צו דריי שעה, פיער קלאַסען. און לויט דער דאָזיגער סיסטעם זיינען די אַלע קינדער, וואָס האָבען זיך רעגיסטרירט צו דער ערעפנונג, איינגעטיילט געוואָרען אין אַכט קלאַסען, לויט זייערע אידישע קענטניסען, לויט זייער עלטער און לויט דער צייט, וואָס זיי קינדען פון פּאַבליק סקול. אַלע קינדער, וואָס האָבען געקאָנט מעהר אָדער ווייניגער פריי לייענען אידיש צוזאַמען מיט דעם העברעאישען עלעמענט און אויך אַביסעל שרייבען, זיינען אויסגעטיילט געוואָרען אין קלאַס ב. די קינדער, וואָס האָבען געקאָנט לייענען און שרייבען זעהר שוואַך און די וואָס האָבען געקענט לייענען מעהר אָדער ווייניגער פריי אָבער גאָר ניט שרייבען, זיינען אויסגעטיילט געוואָרען אין קלאַס א2. אַלע אַנדערע קינדער אַן ערך 160 אין צאָהל האָבען ניט געקאָנט קיין אידיש ביים אָנקומען אין שול. אַ געוויסער, פאַרהעלטניסמעסיג קלייגער טייל פון זיי — ביי אַ פּאָר צעהנדליג — האָבען פריהער שוין געהאַט געלערנט אַ געוויסע צייט ביי אַ רבי'ן אָדער אין אַ תלמוד תורה; אונזער אונטערשיידען אָן אות — און אַמאָל דאָס אויך ניט — האָבען זיי גאָרניט געקאָנט. זיי זיינען אַלע איינגעטיילט געוואָרען אין זעקס אָנפאַנגער קלאַסען א־1 (א1־א, א1־ב, א1־ג, א1־ד, א1־ה און א1־ו). אַזוי ווי די צאָהל קינדער איז געוועזען אַ גרויסע, האָט מען זיך דאָ ביים אויסטיילען גערעכענט זעהר פיעל מיט'ן עלטער פון די קינדער; האָט אויסגעבילדעט אַ קלאַס פון קינדער פון 7 ביז 7½ יאָהר; אַ קלאַס פון 7½ ביז 8 יאָהר; אַ קלאַס פון 8 ביז 9 יאָהר; צוויי קלאַסען פון קינדער אין'ם עלטער פון 9—10 יאָהר און איין קלאַס פון עלטערע קינדער 11—13 יאָהר.

פאַר די עלטערע קינדער, וועלכע קומען געוועהנליך שפּעטער פון פּאַבליק סקול, און וועלכע קאָנען זיצען שפּעטער, איז באַשטימט געוועזען די צייט פון לערנען פון 5:30 ביז 7 און פאַר די יונגערע קינדער — פון 4 ביז 5:30. שבת און זונטאָג לערנען די גרופּעס פאַרקעהרט: די עלטערע פריהער פון 10 ביז 11:30 און די יונגערע פון 11:30 ביז 1 אַ זייגער נאָכמיטאָג. יעדער קלאַס האָט געוועהנליך אַ הפסקה אויף 5 מינוט אין מיטען לערנען, בדי די קינדער זאָלען ניט דאַרפען אָנשטרענגען זיך אַנדערהאַלבען שעה נאָכאַנאַנד.

די ערשטע וואָך זיינען די לימודים אין דער שול נאָך געווען ניט נאָרמאַל, ווייל דער צווייטער לעהרער האָט נאָך ניט געקאָנט אָנהויבען לערנען, און איין לעהרער האָט געמוזט האָבען ביי זיך אין קלאַס צו 60 קינדער מיט אַמאָל, בשעת עס איז ניט געווען קיין פּלאַץ פאַר זיי אַלעמען צו זיצען, אַ פּאָר טעג האָט געלערנט מיט אַ פּאָר קלאַסען אַ צייטווייליגער לעהרער. נאָרמאַל האָבען זיך אָנגעהויבען די לימודים אויף אַזאַ אופן דעם 1טען דעצעמבער, אָבער אויך נאָכדעם זיינען די קלאַסען, אָנהויבענדיג פון א1־ג און העכער, נאָך אַ פּאָר וואָכען געווען ניט פעסט איינגעשטעלט לויט דעם באַשטאַנד פון זייערע קינדער. אַמאָל האָט זיך ביים לערנען ארויסגעוויזען, אַז אַ קינד, וואָס איז פאַררעכענט אין אַ העכערען קלאַס, דאַרף לויט זיינע קענטניסען זיין אין אַ נידעריגען, און אַמאָל האָט זיך „פאַרגנב'עט" אַ קינד, וואָס לערנט ניט שרייבען, אין אַ נידעריגערען קלאַס. דאָס אַלץ איז פאַרריכט געוואָרען און אַלע קלאַסען זיינען געוואָרען מעהר אָדער ווייניגער נאָרמאַל. די גרעסטע צאָהל קינדער זיינען געקומען אין שול מיט אַ באַגעהר צו לערנען, ווי דאָס איז קענטיג פון דער צאָהל פאַרשריבענע קינדער, וואָס געהען אין שול די גאַנצע צייט.

מען לערנט מיט די קינדער אין שול: אידיש לייענען און שרייבען; מען שמועסט מיט זיי אויף אַ רייהע טעמעס, וואָס האָבען אַ נאָהענטע שייכות צו זייער לעבען און זייער נאָהענטער סביבה, און מען לערנט זיי אויף אַזאַ אופן בעסער רעדען אידיש, מען דערצעהלט די קינדער מעשה'לעך פון דער אידישער געשיכטע און אויך אַלגעמיינע מעשות, וואָס האָבען אין זיך, אין לעצטען סך־הכל, געוועהנליך, אַ געוויסען מוסר־השכל, אָפטמאָל ווערט מיט די קינדער אויך געשפּיעלט: אין קלאַס, אין דער צייט פון לערנען, אָדער אויסער'ן קלאַס — אין פּאָדער־צימער — נאָך דער צייט פון לערנען.

אַלס טעקסט בוך צום לייענען ווערט באַנוצט: „די נייע אידישע שול" ערשטער טייל פון י. לעווין. ביים לעזען מיט די אינגסטע צוויי קלאַסען ווערט נאָך באַנוצט אַ באַוועגליכע אַלף־בית. די לעהרער זיינען זיך געוועהנליך מישב יעדע וואָך וועגען דעם, וואָס עס דאַרף געטאָן ווערען אין משך פון דער נעכסטער וואָך אין יעדען קלאַס באַזונדער, און אַלסדינג, וואָס עס ווערט אָפּגעטאָן אויף יעדער לעקציע מיט יעדען קלאַס ווערט פון'ם לעהרער פאַרצייכענט גענוי און פּינקטליך אין קלאַס — זשורנאַל; אַזוי אַז עס איז מעגליך לויט דעם זשורנאַל צו יעדער צייט וויסען, וואָס עס איז אָפּגעטאָן געוואָרען אין קלאַס פאַר דער גאַנצער צייט. מיט די עלטערע קינדער פון ב און א־2 איז אויך אויסגעקומען צו באַנוצען אַלס טעקסט־בוך דיזעלבע „נייע אידישע שול", הגם פאַר זיי (און באַזונדערס פאַר'ן קלאַס ב־1) איז דאָרטען געווען גאַנץ ווייניג וואָס צו לייענען. דאָס איז געטאָן געוואָרען דערפאַר, וואָס קיין אַנדער פּאַסיגע לעזעבוך פאַר די קלאַסען איז דערווייל ניטאָ און וואָס דער לעהרער פון די קלאַסען האָט די גאַנצע צייט געוואַרט, אַז עס זאָל גאָר אין קורצען ערשיינען דער צווייטער טייל פון דער „נייער אידישער שול", וועלכע איז לויט זיין מיינונג צוגעפּאַסט צו אַט די קלאַסען. דערווייל זיינען אויסגענוצט געוואָרען צום לייענען מיט דעם העכערען קלאַס אויסער דעם טעקסט־בוך — די קאָרעקטורען פון דעם 2טען טייל „נייע אידישע שול", איין ביכעלע שטיינבערג'ס מעשהלעך פון די „ראָזינקעס מיט מאַנדלען" (אין וועלכען עס געהט אַריין „פּראָגען") און איין ביכעלע פון „פאַר אייך און אייערע קינדער" — ג. יערוסאַלימטשיקס „פּאַבלען". פאַר די עלטערע קלאַסען ווערט אָפט אויך פאָרגעלעזען אין קלאַס; און דערביי ווערען באַנוצט זאַכען, ביי וועלכע עס קאָן אָנגעקנופּט ווערען דערנאָך מיט די קינדער אַ שמועס וועגען דעם לעבען און דעם קאַמף פון די אידישע אַרבייטער; וועגען פאַרשיידענע זייטען פון אויפפיהרונג. בכלל אַזעלכע זאַכען וועלכע קאָנען העלפען דער פאָרמירונג פון'ם כאַראַקטער פון די קינדער אין דער ריכטונג, וואָס די שול האָט זיך אָנגעמערקט. אין די קלאַסען ווערען מיט די קינדער אויך אָפט געמאַכט פאַרשיידענע גראַמאַטיקאַלישע איבונגען, כדי זיי זאָלען זיך אויסלערנען בעסער ריידען.

אַ ביסעל שוועריגקייט האָט צוערשט פאַרשאַפט דאָס זינגען. לויט דעם ביישפּיעל פון אַנדערע שולען האָט מען אויך אין דער שול אָרגאַניזירט דאָס זינגען ניט פאַר יעדען קלאַס באַזונדער, נאָר פאַר אַמאָל פאַר אַלע פיער קלאַסען; וואָס לערנען אין דעמזעלבען טאָג. עס איז דעריבער אויסגעקומען צו לערנען מיט גאָר קליינע און גאָר גרויסע קינדער דיזעלבע לידער (געוועהנליך די, וואָס זיינען צוגעגנגליך פאַר די קלענערע קינדער); פאַר די גרעסערע קינדער איז דאָס געווען ניט אינטערעסאַנט און זיי האָבען זיך אָנגעהויבען צו באַציהען צום זינגען מיט גרינגשעצונג, און זיי זיינען געווען אומרוהיג ביים זינגען. אויסערדעם איז דער פּלאַץ פאַר'ן זינגען פאַר אַ 110 קינדער מיט אַמאָל געווען צו קליין. דאָס האָט געבראַכט דערצו אַז אין עטליכע וואָכען אַרום נאָכדעם ווי די שול האָט זיך געעפענט, האָט מען אָרגאַניזירט דאָס זינגען פאַר יעדען קלאַס. באַזונדער צו האַלבע שעה איינמאָל אַ וואָך. אויסערדעם האָט מען פון אַלע קלאַסען אויסגעטיילט די קינדער מיט בעסערע שטימען און אַ בעסערען געהער און אויסגעבילדעט פון זיי אַ כאָר, וועלכער זינגט איינמאָל אַ וואָך צו שעה צייט. דאָס האָט ביסלעכווייז געבראַכט דערצו, אַז דער לימוד פון זינגען איז ביי די קינדער באַליעבט געוואָרען ניט ווייניגער, ווי די אַנדערע לימודים. עס ווערט מיט די קינדער געזונגען: קינדער לידער, אַרבייטער־לידער, פריהייטס־לידער און נאַטור־לידער. פאַר דער קורצער צייט וואָס די שול עקזיסטירט האָט מען מיט די קינדער איינגעזונגען אַרום 10 לידער די מעהרסטע לידער זיינען פון די קינדער געזונגען געוואָרען צו אַ קאָנצערט וואָס איז געווען אַראַנזשירט אַלס אַ פּורים יום טוב פאַר די קינדער און די עלטערען און די קינדער האָבען גאַנץ גוט געזונגען אין די אַנוועזענדע זיינען אַוועקגעגאַנגען באַגייסטערטע.

דיסציפּלין: אַ רייהע קינדער זיינען געקומען אין דער שול פון תלמוד תורות און פון חדרים, וואו זיי, די קינדער, זיינען די

בעלי־בתים אין די קלאַסען און ניט דער לעהרער (דער רבי), און וואו די לימודים זיינען ווייט ניט אַנציהענד פאַר די קינדער. אַט די קינדער זיינען געקומען אין דער שול מיט דערזעלבער באציהונג, וואָס צו זייער פריהערדיגען חדר, און זיי האָבען זיך פאַרגעשטעלט, אַז דאָ אין שול מעג מען זיצען אַזוי ווי אין חדר און מען מעג זיך אויפפיה־רען אַזוי ווי דאָרטען. צווישען זיי זיינען געווען אייניגע קינדער, וועלכע זיינען אין די תלמוד־תורות ממש פאַרדאָרבען געוואָרען אין הינזיכט פון אויפפיהרונג און פון באציהונג צום לעהרער. דאָס האָט אין אייניגע קלאַסען, וואו די צאָהל פון אַזעלכע תלמוד־תורה־קינדער איז געווען גרעסער, צוערשט גוואַלדיג געשטערט. דער דיסציפּלין, דער־צו האָט נאָך געהאָלפען דאָס, וואָס די קינדער האָבען ביז'ן אָנהויב פון'ם לעזען ניט געהאַט קיין אויפזיכט איבער זיך אין דעם וואַרט־צימער; זיי פלעגען דעריבער אָפּמאַטערן זיך פאַר דער צייט דורך שפּיעלען זיך, באָרען זיך און אָפטמאָל דורך שלאָגען זיך. דאָס באָרען זיך און שלאָגען זיך איז געווען אַזוי איינגעוואורצעלט ביי די קינ־דער, הויפּטזעכליך ביי די אינגלעך, אַז עס האָט גענומען הדשים, איי־דער עס האָט זיך איינגעגעבען אָפּצוגעוועהנען זיי פון דעם; און קומענדיג אין קלאַס פאַרמאַטערטע נאָך 5—6 שטונדען לערנען אין פּאָבליק סקול נאָכ'ן אָפּמאַטערען זיך נאָך מעהר פון שטיפען און שלאָ־גען זיך האָבען זיי ניט געקאָנט זיצען רוהיג אין קלאַס און אָפּגעבען די צייט בלויז צום לערנען. אויסערדעם זיינען צווישען די העכערע 200 קינדער אויך געווען עטליכע גייסטיג אַבנאָרמאַלע, האַלבע אידיאָ־טען, זיי זיינען ניט נאָר אָפּגעשטאַנען אין די לימודים און האָבען זיך דעריבער ווענינער אינטערעסירט מיט זיי, נאָר האָבען מיט זייערע אויסברוכען: פון אויסשרייען פּלוצים, אָדער פאַנאַנדערזינגען זיך, אָדער אויסברומען, אָדער פייפען און בכלל מאַכען פאַרשיידענע קונצען, און מיט זייער אומגעוועהנליכער עקשנות געווירקט צום שלעכטען אויף אַלע אַנדערע קינדער, ארויסרופענדיג ביי זיי געלעכטער אָדער אַ ווילען נאָכצואַמען, דאָס אַלץ צוזאַמען האָט געבראַכט דערצו, אַז די דיסציפּלין איז אין אייניגע קלאַסען געווען גאַנץ שוואַך, און עס האָט די לערער געקאָסט זעהר פיעל מיה, ביז אַלע קלאַסען זיינען נאָרמאַלי־זירט געוואָרען אין דער הינזיכט. אַ פּאָר פון די אַבנאָרמאַלע קינדער, מיט וועלכע מען האָט זיך קיין שום עצה ניט געקאָנט געבען, זיינען אויסגעשלאָסען געוואָרען פון שול. די אָפּגעשטאַנענע קינדער פון אַלע א־1 קלאַסען (וועלכע האָבען זיך רעקרוטירט אָדער פון די אומפעהיג־סטע, אָדער פון די שטיפערישסטע, אָדער פון די, וואָס האָבען גאָרנישט פאַרשטאַנען קיין אידיש און זיינען דורכדעם אָפּגעשטאַנען) זיינען אויסגעטיילט געוואָרען אין אַ באַזונדער קלאַס, וועלכער האָט גדאַרפט לערנען פון 7 ביז אַכט אין אַוועגט. דאָס האָט גלייך אויפגעהויבען די אָרדנונג אין די קלאַסען. עס איז איינגעפיהרט געוואָרען רעגעלמעסיגער די הפסקה. עס איז פאַרבאָטען געוואָרען די קינדער צו שלאָגען זיך און צו באָרען זיך אין די וועגט פון דער שול. מיט די עלטערע קינדער זיינען געפיהרט געוואָרען שמועסען וועגען דער אויפפיהרונג אין קלאַס. און די עלטערע קלאַסען זיינען ערוועהלט געוואָרען פון די קינדער פאָרזיצענדע פון די קלאַסען און צו צוויי קינדער צו איהם אַלס ריכטער. זיי באַשטראַפען די קינדער, וועלכע שטערען דעם לערנען אין קלאַס מיט זייער אויפפיהרונג. דער באַשטראָפטער האָט אַ רעכט צו אַפּעלירען צום לערער און דער לערער האָט אַ רעכט צו מאָדיפי־צירען די שטראָף; ער פאַרלייכטערט זי זעהר אָפט און כמעט אַלע מאָל פאָלגען די קינדער אויס די שטראָף. אין פאַל ווען ניט הענגט אויף דעם קינד די שטראָף פון אויסגעשלאָסען ווערען „מאָראַליש" פון דעם קלאַס (ער זאָל ניט קאָנען נעמען קיין אַנטייל אין די באַשלוסע פון'ם קלאַס, אין קיינע אַבשטימונגען און ער זאָל אפילו באַיקאָטירט ווערען אין אַנדערע הינזיכטען פון די איבעריגע קינדער). לעצטענס האָבען די קינדער פון דעם העכערען קלאַס לויט זייער אייגענער איניציאַטיווע און מיט דער הילף פון'ם לערער אויסגעאַרבייט אַ „קאָנסטיטוציע" פאַר דער אויפפיהרונג פון די קינדער אין קלאַס און פון זייער באַ־ציהונג איינס צום אַנדערען. די קאָנסטיטוציע איז אָנגענומען געוואָ־רען פון דעם גאַנצען קלאַס און אונטערגעשריבען געוואָרען פון אַלע קינדער. און איצט, ווען אַ קינד פאַרגעסט זיך אין קלאַס, איז גענוג אָנצואווייזען איהם אויף דער „קאָנסטיטוציע", וועלכע הענגט אויף דער וואַנט, און ער דערמאָנט זיך און געהט גלייך צוריק אַריין אין די גרעניצען. די קינדער פון עטליכע אַנדערע קלאַסען האָבען זיך נאָכ־דעם שוין מתקנא געווען אינ'ם עלטערען קלאַס און פון זייער זייט צוגעשטימט צו דער „קאָנסטיטוציע" מיט געוויסע ענדערונגען. איצט איז די דיסציפּלין אין די קלאַסען אַ נאָרמאַלע; און מען דאַרף גע־דענקען, אַז קיין שום האַרבע שטראַפען (וועגען פיזישע איז שוין אָפּגערעדט) ווערען אין דער שול ניט באַנוצט. איבערלאָזען אַמאָל אויף אַ געוויסער צייט שפּעטער אין שול, דאָס קינד זאָל זיצען און שרייבען, אָדער אַרויסשיקען דאָס קינד פון קלאַס אויף אַ טייל פון דער לעקציע — דאָס זיינען די האַרבסטע שטראָפען, וואָס ווערען אַמאָל אַרויפגעלייגט אויף אַ קינד.

**קלאַסען:** ביים עפענען די שול זיינען די קלאַסען געווען צו 25 קינדער. די לעהרער האָבען דעמאָלט געשטרעבט דערצו, אַז די קלאַסען זאָלען ווערען קלענער, כדי מען זאָל זיך קאָנען אָפּגעבען מעהר מיט יעדען קינד באַזונדער. און ווען קינדער פלעגען אָפּפאַלען פון די קלאַסען, פלעגט מען זיי מיט אַנדערע ניט פאַרבייטען. מיט דער צייט אָבער, ווען די קלאַסען האָבען זיך אויסגעגלייכט, זיינען נאָרמאַליזירט און דיסציפּלינירט געוואָרען און עס איז לייכט געוואָרען צו לערנען אין זיי, און ווען עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז דער דעפיציט פון דער שול איז צו גרויס, האָט מען באַשלאָסען צו פאַרגרעסערען די צאָהל קינדער אין יעדען קלאַס ביז 35. אַ דאַנק דעם, וואָס די גאַנצע צייט קומען קינדער רעגיסטרירען זיך (הגם מען נעמט זיי ניט גלייך אַריין אין דער שול; זיי שטעהען בלויז אויף־דער רייה), און אַ דאַנק דעם, וואָס עס איז מעגליך געוואָרען אין אַ פּאָר חדשים אַרום נאָך דער ערעפנונג פון דער שול צו ליקווידירען צוויי קלאַסען, פאַנאַנדערטיי־לענדיג זיי צווישען דריי אַנדערע קלאַסען, האָט מען אין דער שול מיט אנדערהאַלבען מאָנאַטען צוריק אָרגאַניזירט צוויי נייע אָנפאַנגער־קלאַסען, איינעם פון קלענערע און איינעם פון גרעסערע קינדער, און אויף אַזאַ אופן אויסגעפילט די צאָהל קינדער, וואָס האָט פאַר דער צייט פאַרלאָזט די שול.

**באַזוך:** דער באַזוך פון די קינדער איז אַ גאַנץ הויכער, גע־וועהנליך פון 80 ביז 90 פּראָצענט (פון 35 קינדער פעהלען 3—5). זונטאָג איז דער באַזוך אַביסעל שוואַכער איבער דעם וואָס די קינדער געהען מיט עלטערן אָפּטמאָל אין געסט. ווען אַ קינד קומט ניט אין שול, לאָזט מען יעדעס מאָל צו וויסען וועגען דעם די עלטערן און עס ווערט געפאָדערט פון די קינדער צו ברענגען אַ צעטעל פון די על־טערן וועגען דער סבה פון זייער אַפּוועזענהייט.

דיעזע טאַבעלע צייגט די גאַנצע צאָהל פון קינדער וואָס האָבען זיך פאַרשריבען זינט די שול עקזיסטירט און וויפיעל קינדער ...ס געפינען זיך אין שול.

| | | |
|---|---|---|
| פאַרשריבען זינט די שול עקזיסטירט | 340 | קינדער |
| געגאַנגען אין שול 4 מאָנאַט | 6 | „ |
| געגאַנגען אין שול 3 מאָנאַט | 29 | „ |
| געגאַנגען אין שול 2 מאָנאַט | 33 | „ |
| געגאַנגען אין שול 1 מאָנאַט | 28 | „ |
| צוזאַמען אַרויסגעפאַלען | 96 | „ |
| געפינען זיך יעצט אין שול | 244 | „ |

ווי לאַנג די קינדער געהען אין שול:

| | | |
|---|---|---|
| 4 מאָנאַט | 171 | קינדער |
| 3 מאָנאַט | 3 | „ |
| 2 מאָנאַט | 22 | „ |
| 6 וואָכען | 33 | „ |
| 4 וואָכען | 8 | „ |
| 2 וואָכען | 7 | „ |
| טאָטאַל | 244 | „ |

די צאָהל קינדער לויט די פאַמיליעס:

| | | |
|---|---|---|
| עלטערען וואָס האָבען צו 3 קינדער | 4 | 12 |
| עלטערען וואָס האָבען צו 2 קינדער | 44 | 88 |
| עלטערען וואָס האָבען צו 1 קינד | 144 | 144 |
| טאָטאַל | | 244 |

**אינגלעך און מיידלעך:** די צאָהל פון די אינגלעך איז 64 פּראָ־צענט פון אַלע קינדער, אַזאָ כמעט צוויי מאָל אַזוי פיעל ווי מיידלעך. פון 244 קינדער זיינען 156 אינגלעך און 88 מיידלעך. די טענדענ־... פון פאַרקלענערונג פון דער צאָהל פון מיידלעך געהט פון די נידעריג... קלאַסען צו די העכערע. אין די לעצטע איז דער פּראָצענט פון ד... מיידלעך ווענינער פון 25.

**דער ערפאָלג פון די קינדער:** אין דריי מאָנאַטען אַרום נאָכ'... אָנהויב פון לערנען האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז די צוויי העכער... קלאַסען ב־1 און א־2 און דריי פון ד א־1 (א־1־ו, א־1־ד און א־1־ה) זיינען דורכגעגאַנגען נאָך מיט אַ מותרות די פּראָגראַם, וואָס אין ... געמערקט פאַר דעם ערשטען זמן. מען האָט זיי דעריבער געגעבע... עקזאַמענס, און די קינדער, וואָס האָבען דעם עקזאַמען אויסגעהאַלטען, זיינען אַריבער אין אַ העכערען קלאַס: פון א־1 אין א־2; פון א־... אין ב־1 און פון ב־1 אין ב־2. בלויז אייניגע קינדער פון די קלאַסע... זיינען צוריקגעשטאַנען און האָבען געדאַרפט פאַרבלייבען אין ד... פריהערדיגע קלאַסען; די אַנדערע זיינען אַריבער אין אַ העכערע קלאַס. די עקזאַמינאַציאָנס־פראַגען, אויף וועלכע די קינדער ... געענטפערט שריפטליך, קאָנען געבען אַ באַגריף, וואָס די קינדער האָב... באַוויזען אויפצוטאָן אין משך פון די דריי מאָנאַטען.

## עקזאַמען־פראַגען.

פאַר קלאַס ב־1. 27טען פעברואַר 1919.

1. שרייב אָן דעם ערשטען און דעם לעצטען פערז פון אַ ליע... וואָס מיר האָבען געלערנט אויף אויסווענינ.
2. וואָס איז אַזוינס דער „אינטערנאַציאָנאַל"?
3. וועמען האָט דער פּאָעט געמיינט אונטער די „בייזע ווינטען" אינ'ם ליעד: „הוליעט, הוליעט, בייזע ווינטען"?
4. שרייב צו דעם אומבאַשטימטען אַרטיקעל צו די הויפּ... ווערטער: איד; אַרבייטער; אינגעל; בוך; אייזעל; אומגליק... עפּעל; חון; אָקס; האָז.
5. שרייב אָן די מעהרצאָהל פון די הויפּטווערטער: דער לעה... רער; דער קלאַס; דער פאָטער; די האַנט; די שול; דאָס קינד; דאָס בילד; דער פוס; די נאַכט.
6. שרייב אָן די ערשטע פּערזאָן פון איינצאָהל און מעהרצאָה... פון דער פאַרגאַנגענער צייט פון די צייטווערטער: געהן; שרייבען; זיצען; שטעהן; עסען; קומען; זיין; פליהער.
7. צעטייל אויף צוויי יעדעס פון די ווערטער: אויפ... פונ'ם; צום; ס'קומט; כ'וועל.
8. שרייב אָן צעהן העברעאישע ווערטער ניט קיין נעמען.
9—10. שרייב אָן צו צוויי זאַצען וועגען יעדען פון די ... גענדע מענשען, עס זאָל קאָנטיג זיין, אַז דו ווייסט, ווער זיי זיינען: אברהם; יוסף; פרעה; משה; רב עקיבא.

## עקזאַמען־פראַגען

פאַר קלאַס א־3. 2טען מאַרטש 1919.

(די קינדער האָבען ביים אָנקומען ניט געוואוסט פון קיין צורת אלף).

1. שרייב אַן דעם לעצטען פערז פון אַ ליעד, וואָס מיר האָבען געלערנט אין קלאַס.

2. שרייב אַן די זאַצען, וואָס שטעהען דאָ אונטען, און שטעל אויף דעם אָרט פון יעדען פּאַסיקעל דעם נויטיגען בוכשטאַב:

1) —ין ניו יאָרק וו—וינען— זעהר פיעל —ידישע אַרבייטער.
2) —אויף דע— דאַ— —יז ג—שטאַנע— אַ שוואַרצע קאַ—.
3) פו— וואַנע— —יז ניט לאַנג ג—קומע— דער פּרעזידענט?

3. שרייב צו די ווערטער אַ אַדער אַן צו די פאָלגענדע ווערטער: העפט; אַרבייטער; איד; עפּעל; מענש; איי.

4. שרייב אַן די מעהרצאָהל פון די פאָלגענדע ווערטער: האַנט; פוס: שול; צימער; בוך; אויג; שטול; קאָפּ.

5. בייג דאָס וואָרט „געהן" אין איצטיגער, קומענדיגער און פאַרגאַנגענער צייט.

קלובען: די עלטערע צוויי קלאַסען האָבען אין אַ פּאָר וואָכען נאָכ'ן עפענען די שול זיך אָרגאַניזירט אין אַ קלוב. דאָרט דיסקוטירען די קינדער און דעבאַטירען פאַרשיעדענע פראַגען, לייענען פאָר, דעקלאַמירען, דערצעהלען מעשות א. ד. ג. דער קלוב איז אַ נויטיגע ערפילונג צו די קלאַסען, וואו עס איז אוממעגליך אַריינצולאָזען זיך אין דיסקוסיעס וועגען פראַגען. די גאַנצע אַרבייט אין קלוב ווערט געפיהרט אויף אידיש. לעצטענס האָבען זיך אויך די קינדער פון אַנדערע קלאַסען אָרגאַניזירט אין אַ צווייטען, אַ יונגערען קלוב.

די קלובען אָרדענען אַמאָל איין שפּאַצירגאַנגען און אַנדערע פאַרוויילונגען. לעצטענס ווערט צוגעגרייט פון די קלובען אַ קינדער־זשורנאַל פון די אַרבייטען פון די קינדער. די גאַנצע אַרבייט פון די קלובען קומט פאָר ביי דער אַנוועזענהייט פון די לעהרער און זייער אומבאמערקבאַרער אָנפיהרונג.

די פּעדאַגאָגישע זייט פון דער שול איז אויף אַזאַ אופן אַוועקגעשטעלט גאָר ניט שלעכט, און די פאַרוואַלטונג און לעהרער פון דער שול טראַכטען זיך אויפצוהויבען די שול אַלץ העכער. פאַרגרעסערען די שול, איינפיהרען איינציגע נייע געגענשטאַנדען, ווי טאַנצען, סיסטעמאַטישע שפּילערייען; איינאָרדנען אַ ביבליאָטעק פאַר די קינדער; מאַכען אָפּט אַרויספאָהרונגען אין באַלעהרענדע און אינטערעסאַנטע פּלעצער — דאָס שטעהט אויפ'ן טאַגעס־אָרדנונג. די עלטערען פון די קינדער האָבען זיך אויך פאַראינטערעסירט אין דער שול און העלפען איהר גוטצומאַכען איהרע דעפיציטען און אָרגאַניזירען פאַר די קינדער פאַרשיעדענע יום־טובים און פאַרוויילונגען. באַזונדערס האָבען זיך פאַראינטערעסירט די מוטערס פון די קינדער. זיי האָבען זיך אָרגאַניזירט אין אַ מוטערס־פאַראיין ביי דער שול, האָבען רעגעלמעסיגע פאַרזאַמלונגען, אַ באַדייטענדע מיטגליעדערשאַפט און זיי טוען שוין זעהר גוטע אַרבייט פאַר דער שול; און עס זיינען פאַראַן האָפענונגען, אַז מיט דער צייט וועט אָט דער פאַראיין גאָר זעהר פיעל אויפטאָן פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער שול.

צו אברהם לעסינ'ס יובילעאום האָט די פאַרוואַלטונג פון שול געשיקט אַ קאָמיטע פון 3 קינדער מיט אַ קראַנץ בלומען צו באַגריסען דעם יובילאַר, און דאָס איז געווען איינע פון די שעהנסטע מאָמענטען יענעם אָווענט אין קאַרנעגיע האָל, וואו די פייערונג איז געמאַכט געוואָרען. פאָרבאַרייטונגען ווערען איצט געמאַכט צו פייערען דעם ערשטען מאַי מיט די קינדער אויף אַ פּאַסענדען אופן. אין אַלגעמיין טרייעט די פאַרוואַלטונג צו שאַפען אַרום דער שול אַ קולטורעלען צענטער, אָבוואָהל פאַרלויפיג האָט זיך דאָס נאָך ניט איינגעגעבען: ערשטענס, זיינען די געלט־מיטלען שטאַרק באַגרענעצטע, און צווייטענס, איז אויך דער פּלאַץ ניט צוגעפּאַסט דערצו. די פאַרוואַלטונג האָט זיך איצט ערנסט גענומען צו מאַכען פּלענער און שאַפען מיטלען פאַר אַן אייגענער היים. און ווען מיר רעדען וועגען מיטלען, וועט ניט איבריג זיין צו זאָגען, דאָס די בעסטע כחות פון דער פאַרוואַלטונג ווערען אַוועקגעלייגט אויף צו שאַפען מיטלען גוטצומאַכען די דעפיציטען וואָס די שוהל מאַכט. די שול האָט אַ דעפיציט פון אַרום 125 דאָלאַר אַ מאָנאַט און פאַר דער קורצער צייט פון דער שול'ס עקזיסטענץ האָבען מיר שוין געהאַט 2 אונטערנעהמונגען. אין דער ערשטער האָבען מיר גאָר ניט געמאַכט, דערפאַר אָבער האָבען מיר אין דער צווייטער אונטערנעהמונג געמאַכט אַרום 700 דאָלאַר. קיין געלד אין קאַסע האָבען מיר יעדענפאַלס ניט, ווי איהר וועט דאָס זעהן פון דעם פינאַנס־באַריכט.

### איינאַהמען

פינאַנס באַריכט פון דעם 22טען נאָוועמבער 1918 ביז דעם 31טען מאַרטש 1919

| | נאָוו.־דעצ. | יאַנ. | פעב. | מאַרטש | טאָטאַל |
|---|---|---|---|---|---|
| שכר למוד | $267.25 | $248.00 | $327.25 | $323.25 | $1165.75 |
| לעהר־ביכער | 55.00 | 6.25 | 12.75 | 6.00 | 80.00 |
| שרייב־פּאַפּיער | 11.80 | 2.00 | 2.65 | 2.55 | 19.00 |
| בייטרעגע פון שול־פאַראיין | 52.65 | 8.00 | 34.25 | 35.00 | 129.90 |
| עדיוקיישאָנאַל קאָמ. אַ. ר. | 400.00 | —— | —— | —— | 400.00 |
| לאָאַנס | 172.81 | 194.70 | 385.50 | —— | 753.01 |
| אַדווערטייזמענטס דזשורנאַל | —— | 18.75 | 49.75 | 276.00 | 344.50 |
| טעאַטער טיקעטס | —— | 20.50 | 62.75 | 512.85 | 596.10 |
| פון אַן אונטערנעהמונג | 44.16 | —— | —— | 13.50 | 57.66 |
| פאַרשיעדענעס | —— | —— | —— | 3.75 | 3.75 |
| טאָטאַל | $1003.67 | $498.20 | $874.90 | $1172.90 | $3549.67 |

### אויסגאַבען

| | נאָוו.־דעצ. | יאַנ. | פעב. | מאַרטש | טאָטאַל |
|---|---|---|---|---|---|
| געהאַלט | 264.00 | 305.00 | 377.00 | 481.35 | 1409.34 |
| פורניטשור און פיקסטשורס | $322.66 | —— | $6.00 | $2.90 | $331.56 |
| ביכער | 48.00 | —— | 24.21 | 14.55 | 86.76 |
| פּאַפּיער | 10.55 | —— | —— | 17.76 | 28.31 |
| סטיישאָנערי | 15.47 | 12.14 | 2.80 | 14.36 | 44.77 |
| פּרינטינג | 25.00 | —— | —— | 24.50 | 49.50 |
| פּרינטינג דזשורנאַל | —— | —— | —— | 120.00 | 120.00 |
| פּאָסטעדזש | 11.92 | 6.20 | 10.00 | 7.65 | 35.77 |
| רענט | 120.00 | 60.00 | 60.00 | 60.00 | 300.00 |
| האָל'ס | 10.00 | 2.00 | —— | 67.50 | 79.50 |
| קרעפּטע פאַר קאָנצערטס | —— | —— | —— | 75.00 | 75.00 |
| סיינס | 17.20 | —— | —— | 16.50 | 33.70 |
| אַדווערטייזמענטס | —— | —— | —— | 4.40 | 4.40 |
| אינטערעסט | —— | —— | 4.00 | —— | 4.00 |
| אומגעקעהרטע לאָאַנס | —— | 125.00 | 8.00 | 238.36 | 371.36 |
| אונטערהאַלטונגס | 5.04 | —— | —— | 20.65 | 25.69 |
| אַלגעמיינע קאָנצערט אויסגאַבען | —— | —— | —— | 19.00 | 19.00 |
| אויפהאַלטונג אויסגאַבען (אַלגעמיינע) | 4.06 | 5.65 | 6.05 | 7.70 | 28.46 |
| צוריקגעקעהרטע שכר למוד | —— | —— | 1.00 | 1.00 | 2.00 |
| טאָטאַל | $853.90 | $515.99 | $499.06 | $1193.17 | $3062.12 |
| באַלאַנס קעש | —— | —— | —— | —— | 487.55 |
| גרענד טאָטאַל | —— | —— | —— | —— | 3549.67 |

### פאַרמעגענס און שולדען

| | |
|---|---|
| קעש אין די בענק | $487.55 |
| ביכער און פּאַפּיער | 14.32 |
| פאַר טעאַטער טיקעטס | 84.00 |
| פאַר אַדווערטייזמענטס | 54.00 |
| שכר למוד | 35.50 |
| טאָטאַל פאַרמעגען | $675.37 |

שולדען:

| | |
|---|---|
| לאָאנס | $381.65 |
| פרינטינג | 15.00 |
| אַדוועטייזמענטס | 37.20 |
| פאַרשיעדענעס | 16.27 |
| טאָטאַל שולדען | $450.12 |
| פאַרמעגען איבער שולדען | 225.25 |
| גרענד טאָטאַל | $675.37 |

מיר האָבען דאָ אין קורצע שטריכען איבערגעגעבען אַ באריכט פו[...] אונזער טעטיגקייט און מיר האָפען דאָס די אַרבייטער רינג מעמבערי[...] און בּרענטשעס, ספּעציעל פון האַרלעם, וועלען אונז העלפען אין רע[...] אַרבייט צו מאַכען פון דער האַרלעמער שול אַ מוסטער־שול פאַר אַל[...] אַרב. רינג שולען איבער'ן לאַנד.

מיט פריינדליכען גרוס

די האַרלעמער אידישע אַר. רינג שול קאָמיטע[...]

# ווידער פאַרוואַלטונג

פון נ. ראָזענפעלד

לעזענדיג די רעקאָמענדיישאַן פון אונזער העכסטער אינסטאַנץ, די נ. ב. א. ד., האָב איך זיך פאָרגעשטעלט, אַז הגם דאָס וואַקסט פון אויבען, דאָך וועט די רעקאָמענדאַציע — ווי פיעלע אַנדערע — ניט אַרויסברענגען קיין גרויסע דיסקוסיעס און קיינע אומגליקען וועט דערפון ניט פּאַסירען, זעה איך אָבער, אַז אונזערע געוועזענע „אַלטע" (היינט איז שוין ניטאָ קיין „יונגע") פאַרקאַטשען די אַרבעל און נעמען זיך צו דער אַרבייט. ווילט זיך מיר פרעגען: פריינדע, ניט שוין זשע איז אייך מיאוס געוואָרען צו האָבען רוה אין אַ. ר.? ניט שוין זשע ווילט זיך אייך ווייטער מאַכען מהלוקות און רייסעריי? איך גלויב, אַז די גרעסטע צאָהל פון די געוועזענע „פייטערס", סיי די זיעגער, סיי די באַזיעגטע, זיינען פאָלקאָם צופריעדען פון דער רוה און אָרדנונג, וואָס מיר האָבען אין אונזער אָרדען פאַר די לעצטע פאָר יאָהר. היינט צו וואָס זיי זוכען נייע צרות? אויב דאָס איינציגע וואָס איהר ווילט איז אָפּמעקען יעדען שפּור, וואָס איז פאַרבליבען פון די געוועזענע „יונגע", האָב איך מורא, אַז דאָס קען פיליכט אַרויסרופען נייע יונגע מיט נייע טרות. וואָרים לאָמיר זיך ניט נאַרען, ניט וואָס איז ווירקליך שלעכט די פאָרם פון אונזער פאַר־וואַלטונג היינט צו טאָג? קודם כל ווייס מען פון ערפאַהרונג, אַז אַ שלעכטע זאַך אָדער שלעכטע מענשען מוז נאָך אַלע ערסט ווייזען שלעכטע רעזולטאַטען, און אַזעלכעס זעהען מיר ניט. דער אַ. ר. האָט אונטער זייער יעצטיגער פאָרם פון פאַרוואַלטונג גאַנץ פיין פּראָגרעסירט, סיי אין קאַפּיטאַל, סיי אין מעמבערשיפּ. און קוקען מיר זיך צו צו דער גייסטיגער זייט פון אַ. ר., האָט ער אודאי פּראָגרעסירט. האָט אונז ניט די פאָרם פון פאַרוואַלטונג געשאַפען אַ גוטען רעדאַקטאָר, וועלכער גיט אַרויס אַ גוטען „פריינד"? האָט אונז ניט די פאָרם פון פאַר־וואַלטונג געשאַפען אַ גוטע עדיוקיישאָנאַל קאָמ., וועלכע האָבען גע־קענט באַווייזען גוטע אַרבייט? אַלזאָ, אַז די פאָרם פון פאַרוואַלטונג זאָל אונז טאָן עפּעס שלעכטעס, וואָס זאָל אונז צווינגען זוכען מיטלען ווי פּטור צו ווערען פון איהר, אום ערלויזט צו ווערען פון דעם שלעכ[...] טען — אַזעלכעס האָבען מיר ניט. וואָס זשע דען — אויב ניט צו[...] להכעיס פאַניטין — אי, די אורזאַכע פון דעם גייעם טומעל? לאָמיר[...] זעהן, וואָס זאָגט אונזער „אַלטער" גוטער פריינד וואָלאָס.

נאָך דעם ווי ער גיט — פאַרביוגעהענדיג — אַ רייב אין זייט דע[...] „דזשווירזי פּלאַן" און הייבט אָן צייגען פאַר דער גרויסער מעמבערשיפ[...] ווי אונזער פאַרוואַלטונג אַרבייט, פאַנגט ער אָן מיט דער אָרג. קאָמ. וועלכע מיטעט מאָנטאַג, און איבערצייגט באַשיינפּערליך, אַז ערשטענ[...] איז אומעטיג צו זיצען אַרום דעם גרויסען רונדען טיש בלויז [...] מענשען, און צווייטענס, וויל ער אונז איבערצייגען, אַז עס איז צו[...] פיעל אַרבייט פאַר זיי (וועגען קרעדיט און פאַראַנטוואָרטליכקייט לאָ[...] איך אין גאַנצען אַרוים). אַלזאָ לאָמיר זעהן ווען קען מען אויפטאָ[...] מעהר אַרבייט, אָדער אויסאַרבייטען פּלענער פאַר אַרבייט? צי ווע[...] אַ קאָמ. פון 15 (ווי ער און זיי ווילען) זעצט זיך אַוועק אויף איי[...] אָוועקנד אין וואָך און דאַרף אין וועלכע 4—5 שטונדען פאַרהאַנדלע[...] אַלע זייטען פון דער פאַרוואַלטונג, אָדער ווען אַ קלענערע קאָמ. זעצ[...] זיך אַוועק אויף דער זעלבער צייט און אַרבייט בלויז אויף איי[...] געביעט? מיר דוכט, אַז דאָ וואָלט זיך צוגעפּאַסט דער אידישער ווער[...] טעל: „דער וואָס טוט אַ סך מלאכות — האָט ניט מעהר ווי קדחת" ווייל אָפּגעבענדיג זיך מיט אַלעם און מיט אַלעמען ספּעציאַליזיר[...] מען זיך אין גאָר ניט, און אין יעדער זאַך איז מען גרין און ע[...] מוז פּאַסירען טעות'ן. זעהען מיר דאָך טאַקע, אַז אונטער דעם יעצ[...] טיגען פּלאַן האָבען מיר ניט געהערט פון קיין טומלעניש אין אַ. ר. פון קיינע וועטאָס, און אין אַלגעמיין איז, ווי עס ווייזט אויס, ג[...] קיינמאָל ניט געוועזען אַזאַ גוטע אָרדענונג אין אונזער אַ. ר. (אַלע[...] פאַלס פאַר די לעצטע 11 יאָהר, וואָס איך בין אַ מעמבער אין אַ. ר.[...] ווי פאַר די לעצטע פאָר יאָהר.

זעהט איהר, פר. אַשפּיז נעמט שוין די פראַגע ערנסטער (פאַר[...]

# ערב קאָנווענשאַן

(פעליעטאָן)

פון אריה'לע

אונזער עולם קלייבט זיך אין וועג אַריין.

די פאָר טעג וואָס זיינען נאָך פאַרבליבען ביז'ן קאָנווענשאַן זיינען שוין געצעהלטע. עס איז שוין ממש אַ שעה פאַר ליכט בענשען און מען דאַרף זיך מאַכען פאַרטיג צו דער רייזע קיין דעטראָיט.

אַז מען געהט דורך אין איסט בראָדוויי שטויסט מען זיך אָן אַן אונזערע קאָנגרעסלייט פון אַרבייטער רינג, די דעלעגאַטען צום קאָנווענ־שאַן. זיי לויפען אַרום פאַרשמייעט, פאַרסאָפּעט. איינער טראָגט אייך אַנטקעגען זיין נייעם סעטשעל, וואָס ער האָט נאָר וואָס געקויפט, און צייגט אייך דעם גרויסען „באַרגיין", וואָס ער האָט איינגעהאַנדעלט. אַ צווייטער לויפט אַרום איבער קאַנעל סטריט צו כאַפּען אַ מציאה אין אַ לייטישען „סוטעל". ער איז שוין אין אַלע סטאָרס געוועזען דאָרטען. און גראַדע גוטע סוטס געזעהן; זיי „פּיטען" אפילו אויך גוט. נאָר ווער קען זיך גאָר צו זיי צוריהרען? ס'איז בראַנד טייער. די גאַנצע „פּעי", וואָס דער דעלעגאַט קריגט פון אָפּיס פון אַרבייטער רינג, איז באַצאָהלט וועניג אויף דעם. און צו די צרות דערלאַנגט מען אייך דעם פּעי־ענוועלאָופּ ערשט ביים שלום פון קאָנווענשאַן. היינט געה „אינ־וועסט" יעצט אַ גרויסע מטבע אויף אַ סוט אויף דעם רעכענונג. בקיצור, ער שוועבט יעצט פון סטאָר צו סטאָר מיט דער האָפענונג, אפשר וועט ער דאָך קריגען „עפּעס ביים וועג".

דאָ און דאָרט טרעפט איהר דעלעגאַטען מיט פּעקלאַך אונטער'ן אָרעם. פּעקלאַך פון פאַרשיעדענע „סייזעס". מען טראָגט זיך אַרום מיט נייע שוירטס, קאָלערס, טאַיס און אַנדערע זאַכען, וואָס שטעלען צוזאַמען די „גאַרדעראָבע", אָהן וועלכע מען קען זיך פּשוט ניט ריהרען אין וועג. דאָס איז אַלץ נאָר וואָס איינגעקויפט געוואָרען.

עפּעס אַ קלייניגקייט, פאָהרען אין דעטראָיט? אונזער איינער, אַז ער קומט אין אַ פרעמדער שטאָדט, קען ניט אַריינפאָהרען עפּעס [...]בי ווי. עס מוז אויסזעהן ווי אַן אמת'ער „טרעוועלער": מיט'[...] פּוץ און מיט'ן קנאַק, אַזש עס זאָל געהן אַ רויך. זאָלען די פאַרמע[...] פון ווילדען מיטעל־וועסט, פון מישיגען סטייט, וויסען וואָס עס הייס[...] אַזוינס אַ דעלעגאַט צו אַ קאָנווענשאַן פון אַרבייטער רינג.

די מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג זיינען גאָר ביזי. זיי האָבע[...] נעבאַך יעצט אַרבייט איבער'ן קאָפּ. דאָס הייסט ניט חלילה אַרבייט[...] פון אָרגאַניזירען די קאָנווענשאַן. דאָס האָט שוין דער אָפּיס צוזאַמע[...] מיט די דעטראָיטער מעמבערס געטאָן. יענע געגאַנסען שוויצען שוי[...] דערויף דעם גאַנצען יאָהר.

נאָר אויב איהר מיינט דאָס די גאַנצע אַרבייט באַשטעהט אין אָרגאַני[...] זירען די קאָנווענשאַן, האָט איהר במחילה אַ טעות. דער עיקר איז פאַרשטעהט איהר מיך, דער קומען צום קאָנווענשאַן. דערביי אי[...] שוין דאָ גאָר אַ סך אַרבייט...

יע, דער קומען צום קאָנווענשאַן — אָט דאָ ליגט דער הונט בּא[...] גראָבען. אפילו די דורכגעפאַלענע קאַנדידאַטען וועלען עס באַשטע[...] טיגען. מיט אַ פילאָזאָפישען ערענסט וועלען זיי אייך ערקלערען, אַ[...] די קאָנווענשאַן גופא איז ניט ווערטה אַ פּיעטאַק. מ'שטימס געזאָגנ[...] די רעוואָלוציאָנען וואָס קומען דאָרטען פאָר. אָדער די גרויסע וועלכ[...] אינטערעסען וואָס דאַרפען ביים קאָנווענשאַן דיסקוטירט ווערען. מעה[...] ניט, זיי האָבען געוואָלט כאַפּען אַ „ראַיד" קיין דעטראָיט. האָבען זיי די קרבנות, אָבער אויסגעפונען, דאָס פאַר אַ גוטען „ראַיד" זיינען ד[...] בעלנים בילכערע פון זיי. נון, וועלען מסתמא באַנוגענען זיך מיט[...] „ראַיד" אין די בראָנקס אָדער האַרלעם, אָדער אפשר גאָר אין קוני[...] איילענד... אַ „ראַיד" איז אַ „ראַיד".

הערט איהר, איך האָב אַ פּלאַן פאַר אַלע ניט דערלאָפענע. זאָל[...] זיי מאַכען שבת פאַר זיך. אין דערזעלבער צייט ווען די קאָנווענשא[...] וועט אָנגעהן אין דעטראָיט קען אַ צווייטע קאָנווענשאַן געהאַלטע[...] ווערען אין ניו יאָרק. וואָס איז נאָך אַלעמען דער אונטערשיע[...] וואו מען מאַכט אַ קאָנווענשאַן? בלויז אין דעטראָיט וועלען זיין בּא[...] צאָהלטע דעלעגאַטען און דאָ, אין ניו יאָרק, וועלען זיי עס טאָן אָה[...] געלד. דערפאַר וועט אָבער די אַרבייט זיין ליעבער. דאָס וועט זיי[...] אַ מצוה לשם שמים. אָט קענען זיי אָפּהאַלטען אַ מאַסמיטינג אין [...]

איינער פון די באארד אף דיר.): נאכדעם, ווי ער גיט צו אז די פאריגע פארוואלטונג האט ניט געטויגט, זאגט ער אונז, אז מיר האבען א שפרונג געטאן פון איין עקסטרעם צום צווייטען, און זעהט שוין, אז אלע זיינען איינשטימיג, אז דער פלאן פון פארוואלטונג טויג ניט. און טעות אבער מאכט פר. אשפיז דערמיט, וואס ער גיט צו „אז איניגע אויסבעסערונגען זיינען שוין געמאכט". ווארים אויב מען קען אויסבעסערען איז דאך גוט, און קיינמאל קען ניט אויפגע־ הערט ווערען עפעס, וואס זאל זיך ניט נויטיגען פון צייט צו צייט אין וועלכער עס איז ענדערונג, און אויב מיר האבען ניט קיין גרויסע פעהיגקייט צו אמענדירען די קאנסטיטושאן, הייסט וואס איז דער אומגליק? דענקט איהר, פר. אשפיז און אונזער גאנצע באארד, אז די פארם פון פארוואלטונג, וועלכע איהר שלאגט פאר, וועט (אויב אנגענומען) זיך קיינמאל ניט נויטיגען אין אויסבעסערונגען? איהר וועט דאך דאס ניט זאגען, — הייסט ווארום ניט אויסבעסערען די חסרונות פון דער יעצטיגער פארם־פארוואלטונג, וועלכע האט געגעבען א מעגליכקייט צו יעדער קאמיטע ספעציאליזירען זיך אין איהר ארבייט (אין דערפאר, זאג איך, האבען מיר אין אזעלכע שלעכטע יאה־ רען — פאר יארדענס — געמאכט אן ערפאלג) און איהר זוכט גאר א נייעס, וועלכעס איז איגענטליך גאר קיין נייעס, נאר דער אלטער פלאן, מיט וועלכען איהר האט לאנג צוריק געוואלט באקעמפען דעם הייני־ טיגען פלאן.

איך וויל אבער געבען קרעדיט פר. אשפיז'ן, וואס ער זאגט ארויס וואס אנדערע פארבאהאלטען. יעס, מיט אונזער גאנצען פראגרעסיזם אין א. ר. שטעהען, זיינען געשטאנען און וועלען שטעהן אן דער שפיצע אויך איניגע מענשען, וועמען די אידעאלע זייט פון דעם א. ר. שטעהט נאר אלס א גוטע רעקלאמע, אבער הויפטזעכליך זיינען זיי פריהער פון אלץ ביזנעס־לייטע. אמת, מיר דארפען זיי האבען, מיר דארפען זיי זיין דאנקבאר פאר זייער גוטער ארבייט, אבער אין דער־ זעלבער צייט דארפען מיר אכטונג געבען, אז פון צופיעל ביזנעס זאל אונזער הייליגקייט ניט פארלארען געהן, און איך געדענק נאך פון דער ראטשעסטער קאנווענשאן און שפעטערדיגע, ווי מען האט די גייסטיגע זייט פון א. ר. באהאנדעלט. אי וואס די צייט איז אן אנדערע? די „אינטערנעישיאנאלס" גיבען זיך שוין אויך אפ מיט בילדונג? יא, אמת, אבער גראדע דאס קען אמאל אויסגענוצט ווערען געגען אונז אונטער דעם אויסרייד, אז ס'איז דא „פלענטי" עדיוקיישאן. אם ענדע וויל איך זאגען, פריינדע, בעסערט אויס די פעהלערען, ברענגט אריין נייע אמענדמענטס, אבער טשעפעט ניט דאס, וואס איז, ערשטענס, גוט און צווייטענס, וואס קען אמאל פיהרען צו אלטע רייסערייען, חלילה.

## וועגען פריינד אשפיז'ס פלאן

אין מארטש נומער „פריינד" שרייבט מ. י. אשפיז, אז די יעצ־ טיגע סיו דזשורזי פארם פון פארוואלטונג טויג ניט. וואלט גע־ ווען ניט מעהר ווי רעכט, ער זאל דאס פרואווען און איבערציי־ גען ווי שרייבט און ווי „קלאמזי" די פארוואלטונג האט געארבייט. טוט ער אבער דאס ניט: גלאט עס געפעלט איהם ניט אן עקזעקוטיוו פון 15 — 15 וואלט יא געווען פאר איהם גענוג. ער וויל אלזא אפשאפען די בענעפיט קאם. און אפטיילען באזונדער די גרייוועגס און עדיוק. קאמיטעס. פריינד אשפיז, גאט איז מיט אייך! דאס איז דאך די אלטע טענה פון אמאל... אז איהר ווילט ניט קיין בטלנים פון דער עדיוו־ קיישאנאל קאמיטע אין דער עקזעקוטיוו... די עדיוקיישאנאל קאם. איז איבערהויפט אייך אין וועג. איהר וואלט זעהר געוואלט פטור ווערען פון די פאר אינטעליגענטען פון דער עדיוק. קאם. ניין, פריינד אשפיז, בעסער פאסט ניט אן קיין נייע רייסערייען אין די רייהען פון א. ר., זוכט ניט איבערצוגעבען די פארוואלטונג אין וואס איינציגער הענד. פראגרעסיווער און דעמאקראטישער איז, אז וואס מעהר זאלען זיין אין דער פארוואלטונג. איך בין מעהר ווי זיכער, אז עס איז אויך בעסער.

טשארלעס זאלץ.

---

## באריכט פון וועסטשעסטער קאונטי דיסטריקט קאנפערענץ

דער האלב־יעהרליכער קאנפערענץ פון די וועסטשעסטער קאונטי ברענטשעס איז אפגעהאלטען געווארען דעם 23טען פעברואר אין נויו־ ראשעל. פארטראטען זיינען די פאלגענדע ברענטשעס: בר. 603, פיקסקיל; בר. 268, יאנקערס; בר. 163, מאונט־ווערנאן; בר. 116, נויו־ראשעל; בר. 588 מעמאראנעק; בר. 279 פארטשעסטער.

פריינד ווארם, טשערמאן פון דער דיסטריקט ארגאניזיישאן קאם., ערעפענט דעם קאנפערענץ מיט אן איבערבליק איבער דער טעטיגקייט פון דער קאמיטע פאר דעם פארגאנגענעם האלבען יאהר.

עס צייגט זיך ארויס פון די באריכטען פון די ברענטשעס, אז יעדער ברענטש האט ערפילט זיין פליכט נאך די אומשטענדען. אזוי, צום ביישפיעל, האט יעדער ברענטש בייגעשטייערט צום רעליעף פאנד און איניגע מיט באדייטענדע סומען. איניגע האבען בייגעשטייערט צום מיליאן דאלאר פאנד, אנדערע פאר'ן לאס אנדזשעלעס סאניטאריום און אנדערע וויכטיגע שטיצע צו אנשטאלטען און ברענטשעס.

וועגען מעמבערשיפ קאמפיין קען געזאגט ווערען, אז אבוואהל ניט אלע ברענטשעס האבען עס געטאן פלאנמעסיג, האבען דאך די מיטגליעדער זעלבסט פארשטאנען זייער פליכט מיטגליעדער זיינען אריינגענומען געווארען אין א צופריעדענשטעלענדער צאהל, וואו אזא מעגליכקייט איז געווען (ווייל איניגע ברענטשעס האבען ניט דעם פעלד פאר דעם).

בנוגע בילדונגס־ארבייט ווערט ארויסגעבראכט דער געדאנק, אז די נעקסטע קאנווענשאן פון א. ר. זאל אויפגעפאדערט ווערען פון דעם דעלעגאט פון וועסטטשעסטער קאונטי ברענטשעס, אז ווען עס וועלען אסיגנירט ווערען געלדער פאר עדיוקיישאנאל ארבייט, זאל מען אויך אין זינען האבען די קאנטרי ברענטשעס. נעמענדיג אין אנבאטראכט, אז די לעצטע האבען קיינע אנדערע וועגען עס צו קריגען ווי דורך דער צענטראלער קערפערשאפט.

דער קאנפערענץ שליסט זיך מיט דער ענטשלאסענהייט פון די אנוועזענדע צו ארבייטען פאר דעם א. ר. און זיינע ציעלען.

---

... אלל אדער גאר אויף ראטגערס סקווער און אנגענומען רעזאלוציעס, פונקט ווי די וואס וועלען אין דעבראט אנגענומען ווערען. און טאקע אין איין גאנג וועלען זיי אויס'בטל'ען אלע וויסטע הלומות אויפ'ן פאלק פאר ניט אויסקלייבען די אמת פאסענדע פערזאנען צו פאר־ טרעטען זיי. כאטש אביסעל אראפריידען פון הארצען...

וואס אנבאטרעפט שרייבען רעזאלוציעס, איז וועגען דעם קיין גרויסע דאגה ניט. מ'קען אויסקומען אהן שרייבען אויך און דאך האבען רעזאלוציעס. שרייבען דען די סעקרעטערע אדער די רעזאלו־ ציאנס קאמיטעען פון די קאנווענשאנס די אנגענומענע רעזאלושאנס? פון דעסטוועגען קענען מיר זיך ניט באקלאגען. יעדע קאנווענשאן האט זיי, איהר פעקעל צוגעפערטיגטע פריש געבאקענע רעזאלוציאנען א בער אלץ אין דער וועלט. מען דארף בלויז האבען די נומערען „פריינד" פון די פריהערדיגע יאהרען, א שער אויסשניידען יענע רעזאלוציאנען און א קאפעטשקע שכל און ערפאהרונג. זיי זיינען די זעלבע פון יאהר צו יאהר. וואו ניט וואו דארף מען בלויז לעגען א לאטע, עפעס צושטוקעווען, עטוואס ארויסווארפען, א הארעלע צו־ פיקען, צופרעסען און דער בגד, איך מיין די רעזאלוציאן, איז ווידער ניי. אידען, גמרא קעפ, גיבען זיך אן עצה...

איהר ווילט א רעזאלושאן וועגען קאאפעראציאן — האבען מיר עס „רעדי מייד" פון לאנג. וועגען פרויען שטימרעכט — אויך דא. ווילט איהר אפשר וועגען א יוניאן לייבעל? איהר קענט עס אויך קריגען. אין קורצען, מיר האבען אן עין הרע פון אלעם גוטען, א גאנצער דעפארטמענט סטאר.

איבעריגענס, טראגען זיך דאך ארום ברוך השם אלע טעטיגע מעמ־ בערס פון ארבייטער רינג מיט רעזאלוציעס אין זייערע בוזעם קעשע־ נעס. און דאס איז ניט גראדע אין קאנווענשאן צייט. אט נעהמט אויף בייראנגעס און כאפט אן אן אקטיוון באוועגונגס־מענש, ווען איהר ווילט אדיין און פרעגט איהם וועגען זיין מיינונג וועגען דער אדער יענער פאסירונג, וועט איהר זעהן ווי ער כאפט גלייך ארויס א פאר־ טיגע רעזאלושאן און גיט עס אייך מיט אזא וואזשנע מינע — א מטיגער ווי ער וואלט געזאגט: איך בין, פארשטעהסטו מיך, ניט קיין איינעלער, איך האב געפעסטע מיינונגען וועגען אלץ אין דער וועלט.

ניט אומזיסט פעהלען דעם יאהר מאנכע שטענדיגע יעהרליכע דעלעגאטען צום קאנווענשאן. דאס איז דערפאר מסתמא וואס אין מישיגען סטייט איז שוין איינגעפיהרט פראהיבישאן. דער באנקעט וועט, הייסט עס, זיין א וואסערדיגער. זיינען פיעלע מוחל דעם גאנ־ צען טא־רא־ראם.

וואס אנבאלאנגט דעם באנקעט קענען מיר דא אין דער בראנקסער אדער בראנזווילער מדינה געווים בעסער מאכען ווי אין דער טרוקענער דעטראיט. עס איז נאך אלעמען א גרויס רחמנות אויף די דעלעגאטען.

א באנקעט אהן א לחיים? דאס איז נאך ערגער ווי א ראפארט אהן אינטערפעלאציעס... די אויסגעמוטשעטע דעלעגאטען מוטשען זיך אן גאנץ געבוג ביי די זיצונגען פון די קאנווענשאנס מיט נודנע טרוקענע זאכען, ווי באגריסונגען, רעדעס און באריכטען איבער'ן נעכטיגען טאג אדער עהנליכע מענינים. ערשט וועט מען זיי ניט לאזען אפכאפען דאס הארץ אפילו ביים באנקעט. עס וועט קיין באנקעט אלזא ניט זיין.

וואס, איהר זאגט דאס מען קען האבען א קאנווענשאן אהן א באנ־ קעט אויך? רעדט איהר דאך טאקע ווי אן אפיקורס. איהר לייקענט ממש אין גאנצען עיקר... דער קאנווענשאן באנקעט איז אין ארבייטער רינג אן אמת'ע אינסטיטושאן, פונקט ווי דער סיק בענעפיט דע־ פארטמענט. פון באנקעט קומט מען טאקע דירעקט צו סיק בענעפיט... דאס איז א פראסטער שכל און די דעלעגאטען ווייסען עס.

יא, אויב פראהיבישאן זאל אומעדום אנגענומען ווערען, איז די צוקונפט פון אונזערע קאנווענשאנס אביסעלע לא־עליכם'דיג.

סיידען די עקזעקוטיווע און דער דזשענעראל אפיס וועלען זיך פלייסיג א נעם טאן אויסצוזוכען עפעס א נייעם מיטעל צו פארנעמען דעם פלאץ פון א באנקעט. זארגט זיך ניט פאר אונזערע „דיענער", אז זיי ווילען נאר קענען זיי פיעלעס באווייזען. לצים זאגען, דאס זיי טראגען זיך שוין אום באצייטענס מיט געוויסע פלענער, וועלכע וועלען פארגעבראכט ווערען פאר'ן קאנווענשאן. און מיט דעם זיינען זיי עס לעצטענס אזוי ביזי געווארען. פארלויפיג האלטען זיי עס בסוד.

הכלל, דער עולם איז ביזי. מען פאקט זיך שוין.

א גליקליכער שליט־וועגס!

# ווער צאָהלט און ווער געניסט

פון א. לאנדסבערג

יעדער מיטגליעד אין ארבייטער רינג, עס מאַכט נישט אויס אין וועלכען ברענטש ער באלאַנגט און אין וועלכער שטאָדט דער ברענטש זאָל זיך נישט געפינען, צאָהלט איינע און די זעלבע צאָהלונג צו יעדען פאָנד און פאַר יעדען צוועק גלייך מיט אַלע איבעריגע. עס קען קיין צוויי מיינונגען נישט זיין, אַז אַזוי איז דער איינציגער און ריכטיגער וועג, אַז אַלע זאָלען צאָהלען גלייך. עס שטעלט זיך אָבער די פראַגע, צי געניסען אַלע מיטגליעדער אָדער די ברענטשעס, וועלכע זיינען געאָגראַפיש ווייט פון צענטער (פון דזשענעראל אָפיס), אַלין צו וואָס זיי זיינען געזעצליך בארעכטיגט? דער ענטפער איז, לוידער, ניין!

וועגען דער פאַרזיכערונגס-טייל איז נישטאָ וואָס צו רעדען. יעדער קריגט זיינע בענעפיטס צו וועלכע ער איז בארעכטיגט, נאָר בנוגע עדיוקיישאָן און אָרגאַניזאַציאָן איז עס שוין נישט אַזוי דער פאַל. ווי שוין געזאָגט, צאָהלען אַלע מיטגליעדער צו יעדען פאָנד גלייך, דאָך מוט דער דזש. אָפיס, די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו הייסט עס, זעהר ווייניג פאַר די יעניגע ברענטשעס, וועלכע געפינען זיך ווייט פון צענטער. עס איז אמת, איך מוז עס צוגעבען, אַז נישט אַלעס איז מעגליך פאַר דער נאַצ. עקז. קאָמ. דורכצופיהרען. וואָלט אָבער מעהר אויפמערקזאַמקייט געשענקט געוואָרען צו די ווייטערע ברענטשעס, וואָלטען פיעלע אונמעגליכקייטען באזייטיגט געוואָרען. למשל, לעקטשורס. איך ווייס עס איז שווער איצט צו געפינען גוטע און פעהיגע רעדנער אַרויסצושיקען אין די ווייטערע געגענדען (מ'זאָגט אַז זיי מאַכען אַ גוטען לעבען אין ניו יאָרק, קיין עין־הרע.) מיין מיינונג איז, אַז דער אַ. ר. זאָל זיך שטעלען אין פאַרבינדונג מיט דער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע אין דער אנגעלעגענהייט. ווייל נאָך אַלעמען שיקט די סאָצ. פעדעראַציע גיכער אַרויס אַ לעקטשורער אין די ווייטערע געגענדען. ווען די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע וואָלט זיך באנוצט מיט דער געלעגענהייט און בייגעשטייערט אַ געוויסע סומע צו דער פעדעראַציע, אָדער צום ברענטש, קען זיין אַ מעגליכקייט אין יעדען שטעדטעל, וואו עס געפינט זיך נאָך אַ ברענטש פון אַ. ר., זאָל האָבען פון צייט צו צייט אַ לעקטשור. דאָס וואָלט אַריינגעבראַכט אַ סך לעבען אין די ברענטשעס בפרט און אין אַ. ר. בכלל. ווייל קלענערע ברענטשעס האָבען אבסאָלוט נישט קיינע מעגליכקייטען צו דעקען אַליין אַלע אויסגאַבען פאַר אַ לעקטשור.

וועגען אָרגאַניזאַציאָנס-פאָנד אויך דאָס זעלבע.

איך ווייסט נישט ווי אין אַנדערע סטייטס, נאָר אין טעקסאס איז די לאַגע אַזאַ. מיר האָבען אין דעם דיסטריקט 8 ברענטשעס מיט נאָהענט פון 400 מיטגליעדער, און אויב איך האָב קיין טעות נישט, איז פאַר דער צייט וואָס דער אַ. ר. עקזיסטירט דאָ שוין באַלד 2 יאָהר נישט אויסגעגעבען געוואָרען קיין איין פראָצענט פון די סומע וואָס טעקסאס סטייט האָט אויסגעצאָהלט פאַר דעם צוועק. דאָס זעלבע שטעל איך זיך פאָר איז אין אַ סך דיסטריקטען. דאָס איז כמעט דער איינציגע אורזאַכע, וואָס שוואַכט אָפּ אַ ברייטערע טעטיגקייט אין די ברענטשעס. ווייל זעלטען געפינט איהר אַ ברענטש וואָס האָט געלד אין דער טרעזשורי, און אויב עס געפינט זיך שוין ביי אַ ברענטש עפּעס געלד, האַלט מען עס פאַר אַ נויט-פאַל.

נאָך אַ פראַגע. טעקסאס דיסטריקט איז קאָנסטיטוציאָנעל בארעכטיגט צו אַ דירעקטאָר אין דער נאַציאָנאַלער באָארד. ליידער קען אַזאַ דירעקטאָר נישט געשיקט ווערען, ווייל די זעלבע קאָנסטיטוציע גיט נאָר אַ רעכט אויף 50 דאָלאר הוצאות, טאָ ווער זאָל דער לעגען דאָס איבריגע? שיקט מען נישט. איך באשולדיג נישט אין דעם, חס־ושלום, אונזערע פיהרער. ניין. עס איז בלויז אַן אונפאַר אויסגעזעהענער טעות ביים אַריינשטעלען אַזאַ פונקט אין דער קאָנסטיטוציע. איך רעקאָמענדיר דעריבער, אַז דער פונקט זאָל געענדערט ווערען אַזוי, אַז עס זאָל געבען אַ געלעגענהייט יעדען דיסטריקט, וואָס איז בארעכטיגט צו אַ דירעקטאָר, אַזעלכען צו שיקען. דאָס הייסט אַ סומע זאָל באשטימט ווערען פאַר דער נ. ב. א. ד., מען זאָל געבען אַ מעגליכקייט יעדען דירעקטאָר צו קריגען אַלע אויסגאַבען ווען ער קומט צו אַ זיצונג. איך מיין אויך נישט צו זאָגען אַז געלדער זאָלען גראָט געגעבען ווערען אָהן אַ באגרעניצונג. מיין רעקאָמענדאַציאָן איז, אַז דער אָרגאַניזאַציאָנס און עדיוקיישאָנאַל פאָנד זאָל צוטיילט ווערען פּראָפּאָרציאָנעל פאַר יעדען סטייט אָדער דיסטריקט און יעדע פון די באטרעפענדע געגענדען זאָל האָבען אַ רעכט צו באנוצען די געגעבענע סומע פאַר די אויבענדערמאָנטע צוועקען. דאָס וועט געבען יעדען ברענטש אַ מעגליכקייט צו געניסען פון אַלע בענעפיטס, פאַר וועלכע עס ווערט געצאָהלט. ווען אונזער קומענדע קאָנווענשאָן אין דעטראָיט וועט עס נישט נעמען אין אנבאטראַכט, וועט עס אויסקומען אַזוי ווי מ'זאָגט אין ענגלישען: „דהי סאוטה פּ ענד דהי נאָרטה ספּענדס“ . . .

# פון אונזער קאָרעספּאָנדענץ-טיש

א בריעף וועגען די נייע און שווערע פּראָבלעמען פון דער היברו אימיגראַנט אייד סאָסייעטי אוו אַמעריקא

ווערטע פריינדע:

מיר האַלטען פאַר נויטיג צו געבען פאַר אייך, מעמבערס פון א. ר., אַן איבערבליק איבער אונזער אַלעמענס אָרגאַניזאַציאָן, די היברו אימיגראַנט אייד סאָסייעטי, וואָס איז יעצט געוואָרען איינע פון די וויכטיגסטע אינסטיטוציאָנען ניט נאָר אין דעם לעבען פון אַמעריקאַנער אידען, זאָנדערן פאַר די אידען פון דער גאַנצער וועלט, און אנשטאַט דעם וואָס די טעטיגקייט פון דיעזען אינסטיטושאַן האָט זיך ביז דער מלחמה באגרעניצט צו העלפען די אימיגראַנטען, וועלכע זיינען געקומען קיין אַמעריקא, האָט אָבער זייט די מלחמה האָט אויסגעבראָכען זיך אָנגעפאַנגען אַ פּעריאָדע פון נייע און זעהר שווערע פּראָבלעמען, און אונזער טעטיגקייט האָט זיך אָנגעפאַנגען צו פאַרשפּרייטען פיעל ווייטער און ברייטער, ניט קוקענדיג דאַרויף וואָס די מאַסען-אימיגראַציאָן האָט אויפגעהערט און די צאָהל אימיגראַנטען, וועלכע קומען אַהער דורך יאַפּאַן, איז פאַרהעלטניסמעסיג ניט זעהר גרויס, דאָך זיינען די פּראָבלעמען פון דיעזער קליינער צאָהל אימיגראַנטען פיעל שווערער און קאָמפּליצירטער פון אירגענד וועלכע אַרבייט וואָס די „סאָסייעטי“ האָט ווען אונטערגענומען.

ווי דער פּלאַץ אין „פריינד“ איז באגרעניצט, איז אָבער נויטיג צו דערמאָנען וואָס די „אימיגרווישאן סאָסייעטי“ האָט געטאָן אין די לעצטע פאָר יאָהר פאַר די אידען דאָ און דאָרטען: די אַרבייט פון אונזער פאַרטרעטער מר. הירשפעלד צו פאַרבינדען די מלחמה ליידענדע מיט זייערע פריינד אין אַמעריקא איז געוועזען זעהר דאַנקבאַר. דורך דעם האָבען זיך אויסגעפונען הונדערטע טויזענדע אידישע פאַמיליעס. עס האָט אָבער לוידער אויפגעהערט ווען אונזער לאַנד איז אַריין אין מלחמה.

מיר האָבען געעפענט ברענטשעס פון הכנסת אורחים אין סאַן פראַנציסקא און סיאַטעל, וואַשינגטאָן, צו העלפען דעם נייעם מלחמה עמיגראַנט. מיר האָבען געגרינדעט הכנסת אורחים אין יאָקאהאמא יאַפּאַן, וואו פיעל פאַמיליעס ווערען אויסגעהאַלטען מאָנאַטען לאַנג און ניט נאָר די עמיגראַנטען-פאַמיליעס, וואָס פאָהרען קיין אַמעריקא נאָר אויך די וואָס פאָהרען אין אַרגענטינא, אין אַפריקא, אין פּאַלעסטינא, אַלע געפינען זייער שוץ אין הכנסת אורחים, וואָס אַמעריקאַנער אידען האָבען געגרינדעט אין יאָקאהאמא. און ניט נאָר די הכנסת אורחים אַליין, נאָר האָט אויך באזייטיגט, מיט דער הילף פון אונזער רעגיערונג, געזעצע וואָס האָבען געשטערט די עמיגראַנטען דורכצופאָהרען יאַפּאַן.

צולעצט די גרויסע היסטאָרישע אַרבייט, וואָס אונזער דירעקטאָר מר. מייסאָן פיהרט אָן אין סיביר מיט די ברענטשעס אין חאַרבין און אין וולאַדיוואָסטאָק, וואו עס וואַלגערען זיך צעהנדליגע טויזענדע פליכטלינגע פון מלחמה קרבנות, פון וועלכע אַ גרויסער טייל שלעפּט זיך נעבאַך קיין אַמעריקא און קענען זיך ניט דערשלאָגען אָהן די הילף פון אונז, אידען אין אַמעריקאַ.

און דאָס איז נאָך ניט אַלעס: יעצט, ווען די מלחמה איז געענדיגט און דער שלום וועט באַלד אונטערשריבען ווערען, מוזען מיר ערוואַרטען אַ שטראָם פון אידישע אימיגראַנטען. וואָס פאַר מיינונגען זי זאָל ניט האָבען וועגען די באַלדיגע איינוואַנדערונג בכלל, קענען מיר אָבער ניט צווייפלען, אַז אידען וועלען נעבאַך לויפען וואו די אויגען וועלען זיי טראָגען און מיר קענען ניט און וועלען ניט זיצען מיט פאַרלעגטע הענד, נאָר מיר מוזען און זאָלען זיין פאַר בערייטעט מיט אַלעם, אום צו באגעגענען אָט דעם נייעם אומגליקליכען אימיגראַנט.

מיר אַפּעלירען צו אייך דעלעגאַטען צום 19טען קאָנווענשאַן פון ארבייטער רינג, שענקט אַביסעל מעהר אויפמערקזאַמקייט צו דער היברו אימיגראַנט אייד סאָסייעטי! זאָל דער אַ. ר., וואָס עפענט זיין ברייטע האַנד צו יעדער געזעלשאַפטליכער נויטווענדיגקייט, אויך די

זײַן אינסטיטושאַן באַהאַנדלען לויט די גרויסע אויפגאַבען, צו די אַלע צווייגען פון טעטיגקייט וואָס ווערט געטאָן פון דער איינציגער גרויסער אינסטיטושאַן, די היברו אימיגרוישאַן סאָסייעטי.

מיר האָפען אַז דיעזע קאָנווענשאַן וועט טאָן פאַר די אימיגרוישאַן אַרביים, ווי עס פּאַסט פאַר דעם אַרבייטער רינג.

מיט בעסטען גרוס,

היברו שעלטערינג ענד אימיגראַנט אייד סאָסייעטי.

י. ל. בערנשטיין, פּרעזידענט.

---

## רעפּאָרט פון דער שיקאַגאָ טעריטאָריאַל קאָנפערענץ, אָפּגעהאַלטען זונטאַג, 23טען פעב., אין ליבערטי קלוב הויז

דער מיטינג ווערט ערעפענט פון פר. י. זילבערשטיין, פון דער דיסטריקט אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע.

פר. איז. קראַוועץ, פון בר. 385, ווערט ערוועהלט פאָרזיצענדער; פר. א. ראָטהבלאַט פון בר. 264 ווערט ערוועהלט סעקרעטער. דער פאָרזיצענדער אַפּאָינטעט די פאָלגענדע פינף דעלעגאַטען אין דער קרעדענשיאַל קאָמיטע: נ. ראָזענפעלד, 395; ראַבינאָוויטש, 542; פייגין, 516; גלאָבערמאַן, 252, און סלאַווין, 178.

עס ווערען אויפגענומען רעקאָמענדיישאָנס צו דער קאָנווענשאַן.

בר. 127 רעקאָמענדירט דאָס אָנשטעלען פון אַן אָרגאַניזער פאַר די וועסטערן שטאַאַטען.

בר. 157 — דער אַרבייטער רינג זאָל דרוקען לעקטשורס און צושטעלען צו די ברענטשעס;

די ברענטשעס 519 און 540 — דער אַרבייטער רינג זאָל העכערען דעם קראַנקען בענעפיט;

בר. 409 — דער אַ. ר. זאָל אויפבויען נאָך אַ סאַניטאַריום פאַר קאָנסאָמפּטיווס אין דער וועסט.

פר. זילבערשטיין רעקאָמענדירט אין נאָמען פון דער אַ. אָ. ק.: 1) ווען עס ווערט געשטימט פאַר דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאַן, זאָלען קיינע קאָנצערטען, מאַססמיטינגען און „הוליאַנקעס" ניט אָפּגעהאַלטען ווערען. (דיעזע רעקאָמענדיישאַן באַציהט זיך צו די אָרטיגע ברענטשעס); 2) צו פאַרגרעסערען דעם אָרגאַניזאַציאָנס פאָנד ביז זעקס טויזענד דאָלאַר.

בר. 176 — דער אַ. ר. זאָל עטאַבלירען אַ יתומים אַנשטאַלט.

בר. 65 — דער אַ ר. זאָל פאַרווירקליכען דעם באַשלוס פון דער לעצטער קאָנווענשאַן צו זיין אָנגעשלאָסען אַן לאָקאַלע האָספּיטאַלס.

בר. 527 — דער אַ. ר. זאָג אַנטייל נעהמען אין דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג.

בר. 306 — דער אַ. ר. זאָל העכערען די אינשורענס.

בר. 178 — דער אַ. ר. זאָל עטאַבלירען אַ מושב זקנים.

בר. 516 — 1) דער „פריינד" זאָל אַרויסגעגעבען ווערען וועכענטליך; 2) דער קאָנסאָמפּשאַן בענעפיט זאָל געהעכערט ווערען אויף 300 דאָלאַר.

די קרעדענשיאַל קאָמיטע באַריכטעט, אַז עס זיינען פאַרטראָטען 34 ברענטשעס מיט 42 דעלעגאַטען און די ד. אָ. ק. דורך צוויי דעלעגאַטען (מיט באַראַטונגס־רעכט). דער ראַפּאָרט ווערט אָנגענומען.

עס ווערען אָנגענומען פאָלגענדע באַשליסע וועגען פאַרטרעטערשאַפט צום קאָנפערענץ און וועגען די נאָמינירטע דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאַן:

1) די מיטגליעדערשאַפט, לויט וועלכער די ברענטשעס זיינען באַרעכטיגט צו שיקען דעלעגאַטען צו דיעזער קאָנפערענץ, זאָל זיך רעכענען ביז'ן 1טען יאַנואַר 1919 (אין איינקלאַנג מיט דיעזען באַשלוס ציהט זיך צוריק פר. פאַרבער פון בר. 127, איבערלאָזענדיג בלויז 2 דעלעגאַטען: די פריינדע מיללער און מער).

2) צולאָזען אויפ'ן באַללאָט אויך די דעלעגאַטען, וועלכע זיינען נאָמינירט געוואָרען ניט ביי אַ ספּעשעל מיטינג.

3) די דעלעגאַטען זאָלען אויסגעשטעלט ווערען אויפ'ן באַלאָט לויט'ן סדר פון די ברענטשעס.

5. צו שטעלען אויפ'ן באַלאָט אויך די דעלעגאַטען, וועמעס נאָמיניישאָנען איז ניט געשיקט געוואָרען אין דזשענעראַל אָפיס.

אין איינקלאַנג מיט דיעזען באַשלוס ווערען צוגעשטעלט אויפ'ן באַלאָט די פאָלגענדע דעלעגאַטען:

עמיל בענענסאָן, 103; מש. ווייסבארד, 227; טש. ראַדיש, 306, און א. ראַנעפּסקי, 404.

דער פאַרלאַנג פון פריינד פיינסאָן, 236, אַרויפגעשטעלט צו ווערען אויפ'ן באַלאָט ווערט באַוויליגט, אָננעהמענדיג זיין פאַרזיכערונג צוצושטעלען אַ קרעדענשעל פון זיין ברענטש, אַז ער איז דער נאָמינירטער דעלעגאַט.

עס ווערען אויפגענומען נאָך 5 ברענטשעס, פאַרטראָטען דורך זעקס דעלעגאַטען.

עס ווערען דיסקוטירט די רעקאָמענדאַציעס צו דער קאָנווענשאַן. די ערשטע רעקאָמענדאַציע פון ד. אָ. ק. ווערט צוריקגעוויזען, און עס ווערט אָנגענומען אַן אַמענדמענט פון פר. ראָזענפעלד, דאָס ברענטשעס וועלכע וויעלען האָבען אירגענד וועלכע אונטערנעהמונגען, ווען עס ווערען ערוועהלט דעלעגאַטען, זאָלען מוזען שטימען לויט אַ ראָל קאָל.

די צווייטע רעקאָמענדאַציע פון ד. אָ. ק. ווערט אָנגענומען, איינשליסענדיג אויך די רעקאָמענדאַציע פון בר. 127, אָנצושטעלען אַן אָרגאַניזער פאַר די וועסטערן שטאַאַטען.

ריכטעט ,ווערען אָנגענומען: 157, 519 און 540, 176, 65 און 306.

עס ווערען ניט אָנגענומען די רעקאָמענדאַציעס (אָדער טיילווייז אַמענדירט) פון די פאָלגענדע ברענטשעס:

409, 527 (אנשטאַט דער אָריגינעלער רעקאָמענדאַציע ווערט אָנגענומען אַ רעזאָלוציאָן, פאָרגעשלאָגען פון פר. ל. בענענסאָן, דאָס דיעזע קאָנפערענץ אינדאָרסירט די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג).

178 און 516; די ערשטע רעקאָמענדאַציע פון בר. 516 ווערט אַמענדירט, און עס ווערט באַשלאָסען צו רעקאָמענדירען צו דער קאָנווענשאַן, אַז דער בודזשעט פון „פריינד" זאָל פאַרגרעסערט ווערען, אַזוי, אַז ער זאָל קענען זיין נאָך בעסער ווי ער איז יעצט.

די „צעהלער קאָמיטע" גיט אָפּ אַ רעפּאָרט און די פאָלגענדע דעלעגאַטען ווערען אויסגעקליבען פאַר'ן רעפערענדום, לויט דעם סדר פון די אָפּגעגעבענע שטימען:

ל. בענענסאָן, 162; מאָריס פאַרבער, 127; ל. גאַלפּערט, 32; עמיל בענענסאָן, 103; איז. קראַוועץ, 385; דזש. שוהר, 65; ע. שטערן, 178; ב. קאָבלענטץ, 264; מ. פּאַטקין, 131; מ. לעווין, 176; ה. האַמער, 409; דזש. פעדערמאַן, 519; מ. וויינבערג, 127; וו. וועלטמאַן, 516; י. גלאַזער, 395. די פריינדע גלובערמאַן, 252, און ה. קאָהען, 540, האָבען געקראָגען צו גלייכע צאָהל שטימען. עס ווערט אָפּגעהאַלטען אַ שטיך־וואַהל און פּ. פּ. קאָהען ווערט אויסגעקליבען דער 16טער אויפ'ן רעפערענדום באַלאָט.

פר. ראָטהבלאַט פון בר. 462 טיילט פאַנאַנדער צו די דעלעגאַטען דעם זאַמעלבוך, וואָס בר. 264 האָט אַרויסגעגעבען לכבוד זיין צעהן־יאָהריגען יובילעאום, און ער ערקלערט, אַז פאַנאַנדערטיילענדיג דעם זאַמעלבוך ביי דיעזען קאָנפערענץ וויל דער ברענטש יוצא זיין דעם חוב צו די ברענטשעס פון שיקאַגאָ. ער ווערט באַדאַנקט און דער בר. 264 ווערט באַגריסט צו זיין 10־יעהריגען יובילעאום.

די ברענטשעס און זייערע דעלעגאַטען, פאַרטראָטען אויפ'ן קאָנפערענץ:

32, קאגאַן און בייקער; 540, ה. קאָהען; 422, קרעיטשיק; 409, העמער; 277, ווייסבארד; 252, גלאָבערמאַן; 541, ליאָן; 306, בלומענטאַל; 404, אויערבאַך; 478, טשאַסאָוואָי; 444, אבר. מזל; 254, חדש און ביידין; 596, בעסט; 176, קראל עדלאנד און מאנדעלבוים; 236, פיינסאָן; 319, קוואַיט; 448 לעסניק; 542, ראַבינאָוויטש; 121, מיללער און מער; 464 רייגגאָלד; 519, פעדערמאַן און וויינשטאָק; 376, בלום; 65, שור; 547, גיטליטץ און יאַמפּאָלסקי; 178, סלאָווין; 157, גילמאַן; 395, ראָזענפעלד; 526, לערמאַן; 264, ראָטהבלאַט; 516, פייגין; 527, וויינריב; 391, שיפּקאָוויטש; 129, שרייבער; 131, פּאַטקין און צירולניק; 515, פריינק; 162, גודעס; 103, מרס. מיללער; 385, קראַוועץ; 567, ה. מוטשניק.

א. ראָטהבלאַט, סעק.

---

## רעפּאָרט פון דער פּיטסבורגער דיסטריקט קאָמיטע

קאָמיטע מיטינג אָפּגעהאַלטען דעם 23טען פעברואַר.

דער צייטווייליגער סעק. ג. ארקין רופט דעם מיטינג צו אָרדער און דזש. ווייסבערג פון בר. 45 ווערט ערוועהלט אַלס טשערמאַן. מען געהט גלייך צו צו ערוועהלען אַ דיסטריקט קאָם. פאַר דעם קומענדען יאָהר, וועלכער זאָל אויך זיין דער סעק. ביי די קאָמיטע מיטינגס, און פריינד ל. ארקין פון בר. 45 ווערט אַלס אַזעלכער ערוועהלט.

עס זיינען פאַרטראָטען בר. 45, פּיטסבורג, מיט 6 דעלעגאַטען; בר. 250 מיט 2 דעלעגאַטען און די ברענטשעס 104, 158, 161, 416, 431, 488 און 590 צו איין דעלעגאַט. בר. 296, סטובענוויל, האָט געשיקט צוויי דעלעגאַטען. זיי זיינען אָבער בלויז באַרעכטיגט צו איין דעלעגאַט. אַ פאָרשלאַג, אַז אַלע דעלעגאַטען זאָלען צוגעלאָזען ווערען, נאָר די דעלעגאַטען פון 296 זאָל געגעבען ווערען צו האַלבען וואוט — דורכגעגאַנגען.

דער סעק. גיט אָפּ זיין רעפּאָרט. „אייגענטליך", זאָגט ער, „קען ער קיין רעפּאָרט ניט אָפּגעבען, ווייל ער איז בלויז צוויי וואָכען געוועזען סעקרעטער, און דאָס בלויז אַ צייטווייליגער. קיין דיסטריקט קאָם. האָט אין דער ווירקליכקייט ניט עקזיסטירט, בלויז אויפ'ן פּאַפּיער, און עס איז ניט געווען ווער עס זאָל צוזאַמענרופען דעם פאַרקאָנפערענץ און דעם דיסטריקט מיטינג. די דעלעגאַטען פון בר. 45, דער עלטסטער און גרעסטער ברענטש אין דיסטריקט, האָבען זיך צוזאַמענגעקומען און איהם ערוועהלט אַלס צייטווייליגען סעק. צוזאַמענרופען די מיטינגען. פאַר די צוויי וואָכען צייט האָט ער אויסגעפונען, אַז עס איז פאַראַן אַ סך אַרבייט, וואָס מוז גלייך באַזאָרגט ווערען, און ער האָט דאָס געטאָן ווי אַמבעסטען. אַזוי צום ביישפּיעל האָט ער ערהאַלטען אַ בריעף פון בר. 488, ניו קענזינגטאָן, אַז אַ קאָם. זאָל גלייך אַרויספאָהרען דאָרט צו אַ מיטינג. פר. ווייסבערג און ער זיינען דאָרטען געוועזען און האָבען דעם ברענטש אַביסעל לעבעדיגער געמאַכט, און אַלס אַ רעזולטאַט דערפון וועט דאָרט זיין דעם 22טען מאַרטש אַן אונטערנעהמונג פאַר די מלחמה קרבנות. ער האָט אויך אָנגענומען די איינלאַדונג פון בר. 296, סטובענוויל, צו קומען צו זייער אינסטאַלליישאַן אַלס פעסט־רעדנער. ער האָט אויך ערהאַלטען בריעף פון ביווער־פאָלס, אַז זיי זיינען שוין פאַרטיג צו אינסטאַלירען; פון נ. ב. אָף דירעקטאָרס טייטעלמאַן, אַז ער קומט קיין פּיטסבורג, און פון דזשענעראַל אָפיס. ער האָפט אַז אַ טיכטיגע עקזעקוטיוו קאָמיטע וועט ערוועהלט ווערען און צוזאַמען וועט מען קענען פיעל אויפטאָן."

ער לעזט נאָכדעם פאַר די בריעף, אַ פאָרשלאַג אַז מען זאָל אָננעמען די דייטס פאַר פריינד טייטעלמאַן פאַר פרייטאַג, שבת און זונ־

טאג, דעם 14טען, 15טען און 16טען מארטש, פרייטאג אבענד זאָל ער זיין אין מאנעסאן, שבת אבענד ביי אַ געמיינשאַפטליכען מיטינג אין פּיטסבורג, זונטאג אבענד אין אלטונא און, אויב מעגליך, זונטאג בייטאָג אין נאָך אַ שטאָדט. דער פאָרשלאָג איז דורכגעגאַנגען.

איינינע דעלעגאַטען קריטיקירען די אַרבייט פון דער לעצטער דיסטריקט קאָמ. פר. סיגעל, וואָס איז געווען אין דער לעצטער דיסט. קאָמ., ענטפערט אויף די קריטיקען, מיט דעם וואָס דער סעק. איז צו־גענומען געוואָרען אין דער אַרמעע. די קראנקהייט א. ד. ג. האָט געמאַכט דאָס מען זאָל וועניג טאָן.

די דעלעגאַטען פון די ברענטשעס גיבען אָפּ באריכטען, וועלכע זיינען זעהר ערפרעהענדע. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז דער אַ. ר. איז דער קולטור־צענטער אין אַלע שטעדט.

אַ פאָרשלאַג, אַז יעדער ברענטש זאָל זיין געטעקסט צו 2 סענט אַ קוואַרטאל פון יעדען מעמבער פאַר די אויסגאַבען פון דיסטריקט, דורכגעגאַנגען. אַ פאָרשלאַג צו באַצאָהלען דעם ס. פּ. ברענטש אַן אַלטען חוב פון 5 דאָלאר, דורכגעגאַנגען. אַ פאָרשלאַג, אַז אין אַלע געזעל־שאַפטליכע פראַגען זאָל די עקזעקוטיווע נעמען אַ שטעלונג און דאָס לאָזען וויסען די ברענטשעס, אום צו האָבען אַ קריסטאַליזירטע מיינונג וועגען אַלע פראַגען — דורכגעגאַנגען. אַ פאָרשלאַג אַז צום סקרעטער זאָלען ערוועהלט ווערען 3 עקזעקוטיוו קאָמיטעליוט פון פּיטסבורג צו איינעם פון אַ ברענטש און 3 פון אַרום פּיטסבורג, וועלכע זאָל זיין אַן עקזעקוטיוו פון 7 — דורכגעגאַנגען. אין דער עקזעקוטיוו ווערען ערוועהלט: ד. סיגעל, בר. 45; ס. טעקסי, בר. 250; מ. פלאטקין, בר. 104; פּ. חייקין, בר 158, אלטונא; ה. באזעל, בר. 161, מאנעסאן, און ש. ראבינאָוויטש, בר. 296, סטובענוויל.

אין אבענד איז געגעבען געוואָרען אַ באַנקעט לכבוד די דעלע־גאַטען און געסט ביי די פּיטסבורגער ברענטשעס. די דעלעגאַטען און געסט פאָהרען זיך פאנאַנדער, אום אָנצופאַנגען מיט נייעם מוט און פרישער ענערגיע צו אַרבייטען.

ל. ארקין, סעק.

---

## האַלב יעהרליכער רעפּאָרט פון דער דיסט. קאָמ. פון ווירדזשיניא

די קאָנפערענץ איז געהאַלטען געוואָרען אין פּאָרטסמוטה זונטאג דעם 23טען פעב. פריינד וויליאם ראָזען פון בר. 212, נאָרפאָלק, איז ערוועהלט געוואָרען טשערמאַן און מ. דובאָוו פון בר. 312, פּאָרטסמוטה, — סעקרעטער.

עס זיינען געווען פאַרטראָטען אַלע ברענטשעס פון סטייט, צו 2 דעלעגאַטען יעדער, דער לוידיס בר. 591 פון ריטשמאָנד דורך 1 דע־לעגאַט. די דיסטריקט קאָמ. האָט זיך אָרגאַניזירט דעם 29טען אוי־גוסט 1918, אָבער אַיידער מיר האָבען צייט געהאַט אויסצואַרבייטען פּלענער פאַר טעטיגקייט, איז באַפאַלען די שרעקליכע עפּידעמיע, די „פלו“, און האָט אין גאַנצען פּאַראַליזירט די טעטיגקייט פון יעדער אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט, וויל פאַרזאַמלונגען אין אַלגעמיין זיינען געווען פאַרבאָטען פון די דאָרטיגע באָארדס אוו העלטה. אַזוי שנעל אָבער ווי די געפאַהר איז געווען פאַראיבער איז די דיסט. קאָמ. געווען די ערשטע צו רופען די ברענטשעס צום לעבען. גאַנץ שפּעט האָט אונז די נאַצ. אָרג. קאָמ. געלאָזט וויסען, דאָס אונזער סטייט דאַרף צושטעלען פאַר דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין אַ קוואָטא פון 98 נייע מעמבערס, און מיר זאָלען אויך ביישטייערען צום 25 טויזענד דאָלאר פאָנד פאַר די מלחמה קרבנות. ס'איז אָבער קיינמאָל ניט צו שפּעט ווען עס איז דאַ לעבען און ווילען. מיר האָבען זיך גלייך גענומען צו דער אַרבייט, און מיר קענען מיט שטאָלץ אָנצייגען, דאָס דער רעזולטאַט איז אַ גלענצענדער. דעם ערשטען ביישפּיעל האָט געגעבען בר. 212 פון נאָר־פאָלק, זאַמלענדיג ביי זייער באַנקעט לכבוד זייער 10־יעהריגען יובי־לעאום די סומע פון 16 הונדערט דאָלאר ($1600.00) און אויף זייער חלק צו דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין האָבען זיי שוין אַריינגענומען נאָהענט צו 30 מעמבערס. און בר. 313 פון פּאָרטסמוטה איז ניט נור ניט הינטערשטעליג געבליבען, נאָר האָט זאָגאַר איבערגעשטיגען בר. 212, האָבענדיג וועניגער פון 50 מעמבערס האָבען זיי שוין מעהר ווי אויסגעפילט זייער קוואָטא און האָבען געזאַמעלט ביי זייער יאָה־רעספּעסט באַנקעט איבער טויזענד דאָלאר ($1,041.00). בר. 513 פון נאָרפאָלק וועט קורצליך אויך פייערען זייער 5־יעהריגען יובילעאום און זיי זאָגען, אַז זיי וועלען אויך ניט בלייבען הינטערשטעליג. זייענדיג ביזי מיט די צוויי וויכטיגע קאַמפּיינס האָבען מיר געמוזט פאַרנאַכלעסיגען אונזער אויפגאַבע פאַר עדיוקיישאָן. מיר זיינען אָבער וועגען דעם אויך ניט פּעסימיסטיש, וואָרים אַזוי לאַנג ווי עס איז די לעבען און טעטיגקייט אין די ברענטשעס וועט די פראַגע פון עדיוקיישאָן אויך ניט פאַרנאַכלעסיגט ווערען.

די דיסטריקט קאָמ. שלאָגט פאָר אַ פּלאַן אַרויסצוגעבען אַ מאָ־נאַטליכען בולעטין פאַר די לאָקאַלע אינטערעסען פון די ברענטשעס. דער פּלאַן ווערט אויפגענומען מיט גרויס באַגייסטערונג און פריינד א. טורעצקי פון בר. 120 פון ריטשמאָנד דענקט דאָס מיר קענען דורך אַזאַ בולעטין שטעהן אין נאָהענטער פאַרבינדונג מיט אַלע אַנדערע ברענטשעס פון די ווייטע סאוטהערן סטייטס, וועלכע פיהלען זיך ווי אָפּגעריסען און עלענד, ניט האָבענדיג קיין פאַרבינדונג מיט וועלכען ניט איז אַ. ר. צענטער. עס ווערט באַשלאָסען, דער ערשטער נומער זאָל אַרויסגעגעבען ווערען ניט שפּעטער ווי דעם 15טען מאַי.

**די דעלעגאַטען פון בר. 365, ניופּאָרט ניוס, רעפּאָרטען דאָס פאַר דעם 25 טויזענד דאָלאר פאָנד אָרגאַנזשירען זיי אַ באָלל און פאַר דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין פאַרלאַנגען זיי די דיסט. קאָמ. זאָל דאָרט אָרגאַנ־**

זשירען אַ מאַסען־פאַרזאַמלונג. זייער פאָרלאַנג ווערט באַוויליגט און די פריינדע וויליאם ראָזען און מ. דוראָוו ווערען באַפולמעכטיגט צו אַדרעסירען דעם מאַסען־פאַרזאַמלונג.

די דעלעגאַטען פון ריטשמאָנד רעפּאָרטען, אַז זיי האָבען געהאַ[t] אַ באַלל און אַ טייל פון די פּראָפיט האָבען זיי אָפּגעגעבען פאַר די 25 טויזענד דאָלאר פאָנד און האָבען אַריינגענומען מעהר נייע מעמ[ב]ערס ווי זיי האָבען גערעכנט זיי קענען קריגען. און האָבענדיג אַן אָנפאַנג פאַר סוקסעס דענקען זיי דאָס אַ מאַסען־פאַרזאַמלונג וואָלט זעה[ר] פיעל אַרויסהעלפען און פאַרלאַנגען די דיסט. קאָמ. זאָל זיי אַרויס העלפען. דער פאַרלאַנג ווערט אָנגענומען און פר. ראָזען זאָגט צו, אויב נור מעגליך, צו אַדרעסירען זייער פאַרזאַמלונג. אַלע ריטשמאָנדער דעלעגאַטען דריקען אויס זייער באַגייסטערונג פאַר די אַרבייט פון ד[ער] דיסט. קאָמ. און האָפען דאָס זייערע ברענטשעס וועלען זיך אוי[ך] פערמאַנענט אָנשליסען אָן די דיסטריקט קאָמ.

דיסט קאָמ. אַ. ר., ווירדזשינא. מ. דובאָוו, סעק.

---

## אַלבאַני דיסטריקט קאָנפערענץ

אַ טעריטאָריעל קאָנפערענץ פון דעם אַלבאַני דיסטריקט צו נאָמי־נירען דעלעגאַטען צום קאָנווענשאָן ווערט אָפּגעהאַלטען אין אַלבאַני זונטאג דעם 23טען פעברואַר. פר. ל. ברין, דיסטריקט סעק., עפענט ד[י] קאָנפערענץ. עס זיינען אַנוועזענד דעלעגאַטען פון פאָלגענדע שטעדט אַלבאַני — טוראָוו און ל. ברין; סקענעקטעדי — ג. סעלצער און וו[.] סיגעל; טראָי — זאַפּראַן און וו. קאַץ; גלאָווערסוויל — זאַלער[,] גלענס פאָלס — קאַרל קאָהען. אַלס טשערמאַן ווערט ערוועהלט פר[.] זאַלער פון גלאָווערסוויל און אַלס סעקרעטער פר. ל. ברין פון אַלבאַני.

די פראַגע וואָס פיעלע ברענטשעס ליידען פון דעם וואָס סיק סער־טיפיקייטס ווערען ניט ריכטיג אויסגעפילט און קומען צוריק [...] אָפּיס ווערט אויפגענומען. עס ווערט פאַרשטאַנען, אַז אין פיעלע איז שולדיג דער סעקרעטער. דער ברענטש סעק. טאָר ניט אַוועקשיק[ען] אַ סיק סערטיפיקייט ווען ער איז ניט גוט אויסגעפילט. עס געהט או[יס] דורך אַ פאָרשלאַג, אַז דער בענעפיט דעפּאַרטמענט זאָל דרוקען אינ[־] סטראָקשאָנס צו די דאָקטוירים ווי אויסצופילען די סערטיפיקייט[ס.] עס ווערט אויך רעקאָמענדירט, אַז די קאָנווענשאָן זאָל באַשטימען [א] פאָנד פון 3 סענט אַ קוואַרטאל פאַר אַ מושב זקנים, אויך די קאָנווענ־שען זאָל אויסאַרבייטער פּלענער פאַר אַ בית־יתומים.

עס ווערט באַשלאָסען, אַז די קאָנפערענץ זאָל בלויז נאָמינירען און ד[י] מעמבערשיפּ זאָל שטימען. די דעלעגאַטען פון די קליינע ברענטשעס האָבען פאַרלאַנגט אַז מען זאָל זיי געבען אַ געלעגענהייט צו זיין פאַר־טראָטען ביי'ם קאָנווענשאָן און עס ווערט אַנערקענט אַלס אַ גערעכט[ע] פאָדערונג. פאָלגענדע דעלעגאַטען נעהמען אָן די נאָמינײשאָן: פר[.] זילער פון גלאָווערסוויל, מ. טוראָוו פון אַלבאַני, וו. קאַץ פון טר[אָי] און קאַרל קאָהען פון גלענס־פאָלס.

דער רעזולטאַט פון די שטימען איז ווי פאָלגט: פר. זאַלער [...] שטימען, מ. טוראָוו 3 שטימען, וו. קאַץ 5 שטימען און קאַרל קאָהען 6 שטימען. די פריינדע וו. קאַץ פון טראָי און קאַרל קאָהען פ[ון] גלענס־פאָלס זיינען אַרויף אויף דעם באַלאָט.

עס ווערען אָפּגעגעבען באַריכטען פון די ברענטשעס און די קאָנ[־]פערענץ שליסט זיך אין בעסטען אָרדנונג.

כעם זאַלער, טשערמאַן. ל. ברין, סעק.

---

# בריעף־קאַסטען

וו. גאַלד, בר. 80: לוידער איז עס ניט דרוקבאַר. איהר פרו[בט] בעסער שרייבען אָהן פערזען, פיליכט וועט זיך אייך בעסער איינ[־] געבען ענטוויקלען אייערע געדאַנקען.

פּ. מירקין: מיר גלויבען ניט, אַז אונזער אורטייל איז שנ[יין] העכער פאַר יעדער קריטיק, אָבער מיר ערלויבען זיך צו דענקען, [אז] אין באַצוג אייער „זאַך“ זיינען מיר געווען גאַנץ אָביעקטיוו און אויב עס איז פאַראַן אַזאַ זאַך — אויך גערעכט.

י. בוים, ניו יאָרק: מיר קענען עס ניט דרוקען. איבערהו[יפּט] דרוקען מיר קיין זאַך ניט איבער, אויסער אָפיציעלע נויטיגע ראָ[־] קומענטען!

א. ראַסקין: דאָסזעלבע.

מאַקס וויינערמאַן, פילא.: אויב דאָס צוגעשיקטע איז אַ [...] טער, איז עס אייך ניט געלונגען. אין אַלגעמיין האָט איהר אַ [...] גוטע מידה. אַזוי טוען די גרעסטע שרייבער.

ס. הערמאַן, לאָס אַנדזשעלעס: אין נעקסטען נומער, וואָהר[־] שיינליך.

י. שמוקלער, ניו־ראָשעל: אייער באַהויפּטונג איז ניט אַלגע[־] מיין. מעגליך אין אייער דיסטריקט אַרבייט עס ניט גוט. ווי ווי[ט] מיר וויסען אָבער פון אַנדערע ערטער זיינען די דיסטריקט קאָמיטעס גאַנץ טעטיג. איהר קענט טאַקע אין דיזען נומער „פריינד“ געפינען פון פאַרשיעדענע דיסטריקטען גאַנץ לעבעדיגע רעפּאָרטען.

---

מיר בעטען די ענטשולדיגונג פון אַלע אונזערע קאָרעספּאָנ[־] דענטען און מיטאַרבייטער, וועמענס זאַכען עס ווערען שוי[ן] אָפּגעלעגט עטליכע חדשים צוליעב מאַנגעל אין פּלאַץ. מיר האָפען אַלץ צו האָבען אין דעם נעקסטען יוני־נומער. —

די רעדאַקציע

## BONDS, DECEMBER 31, 1918

| Par Value | Description | Rate% | Date Due | Book Value | Mkt. Value |
|---|---|---|---|---|---|
| $ 7,000 | New York City Corporate Stock | 3½ | 1922 | $ 6,850.00 | $ 6,860.00 |
| 70,000 | " " " " " | " | 1940 | 63,700.00 | 63,700.00 |
| 10,000 | " " " " " | " | 1952 | 8,900.00 | 8,900.00 |
| 53,000 | " " " " " | " | " | 47,170.00 | 47,170.00 |
| 40,500 | " " " " " | " | 1953 | 36,045.00 | 36,045.00 |
| 62,000 | " " " " " | " | 1954 | 55,180.00 | 55,180.00 |
| 10,000 | " " " " " | " | " | 8,900.00 | 8,900.00 |
| 16,000 | " " " " " | " | 1955 | 14,240.00 | 14,240.00 |
| 14,000 | " " " " " | 4 | 1936 | 13,860.00 | 13,720.00 |
| 10,000 | " " " " " | " | 1955 | 9,800.00 | 9,600.00 |
| 10,000 | " " " " " | 4¼ | 1960 | 10,100.00 | 10,000.00 |
| 20,000 | " " " " " | " | " | 20,200.00 | 20,000.00 |
| 15,000 | " " " " " | " | 1962 | 15,150.00 | 15,000.00 |
| 150,000 | " " " " " | " | 1964 | 151,500.00 | 150,000.00 |
| 52,000 | " " " " " | " | " | 52,520.00 | 52,000.00 |
| 40,000 | " " " " " | " | 1966 | 40,400.00 | 40,000.00 |
| 35,000 | " " " " " | 4½ | 1957 | 36,050.00 | 36,750.00 |
| 85,000 | " " " " " | " | 1967 | 90,100.00 | 89,250.00 |
| 33,000 | " " " " " | 4¼ | 1960 | 29,803.12 | 33,000.00 |
| 10,000 | " " " " " | 3½ | 1941 | 8,059.00 | 9,100.00 |
| 5,000 | " " " " " | 3 | " | 3,654.50 | 4,200.00 |
| 5,000 | Registered Bond, City of Boston | 4 | 1936 | 4,950.00 | 4,850.00 |
| 2,500 | Town of Liberty | 4½ | 1931 | 2,525.00 | 2,525.00 |
| 15,000 | Second U. S. Liberty Loan | 4 | 1942 | 14,511.50 | 15,000.00 |
| 50,000 | Third U. S. Liberty Loan | 4¼ | 1928 | 48,148.00 | 50,000.00 |
| 10,000 | Dominion of Canada War Loan | 5 | 1937 | 9,300.00 | 9,600.00 |
| 5,000 | " " " " " | 5 | " | 4,762.50 | 4,800.00 |
| $835,000 | Totals | ...... | ....... | $806,388.62 | $810,300.00 |

צווייטע פארטיי איז געווען גערעכט. איצט, ד. ה. מיט 20 יאָהר שפּעטער, האָבען זיך דיביידע פּאַרטייען פאראייניגט אין א „נעשאָנאַל אמעריקאַן סאָפרעדזש פּאַרטי". פאַר דער לעצטער צייט איז פאַר דיעזער פּאַרטיי אויסגעוואקסען אַ גאַנץ נייער פּראָבלעם, וועלכער איז געשאַפען געוואָרען צוליעב איהרע אויסערגעוועהנליכע זיעגע. דאָס פּראָבלעם באשטעהט אין פאָל־גענדעם: די סאָפרעדזש פּאַרטיי עקזיסטירט — צו עראָבערען רעכטע פאַר פרויען. איצט, ווען די פּאַרטיי איז אזוי נאָהענט צום פאָלשטענדיגען ציעל, שטעלט זיך די פראַגע, וואָס זאָל זי טאָן, ווען זי וועט זיעגען, און ווי זאָל זי זיך פאָרבערייטען צו דיעזער צוקינפטיגער אַרבייט. די סאָפרעדזש פּאַרטיי, וועלכע האָט זיך אַלע מאָל אויסגעצייכענט מיט איהר אָרגאַניזאציאָנס־פעהיגקייט, האָט אויך איצט צוגעפּאַסט אַן אַפּאַראַט, וועלכער וועט אָהן צווייפעל זיין טעטיג און פּראַקטיש. דיעזען נייעם אַפּאַרט האָט באַשאַפען ענדע מאַרטש די 50סטע קאָנווענשאַן פון דער „נעשאָנאַל אמעריקאַן סאָפרעדזש פּאַרטי". דאָ איז באַשאַפען געוואָרען „די ליעג אוו ווימען וואוטערס". די ליעג איז אייגענטליך ניט קיין נייע פּאַרטיי, זי איז בלויז אַן אַפּאַראַט אין די הענד פון דער סאָפרעדזש פּאַרטיי, וועלכע גרייט זי צו דער אַרבייט, ווען זי וועט ניט זיין מעהר געצוואונגען צו קעמפען פאַר פרויען־שטימרעכט. אין אַ סטייט, וואו עס ווערט איינגעפיהרט שטימרעכט, ווערט געגרינדעט „די ליעג אוו ווימען וואוטערס". זי איז פאַרבונדען מיט דער „נעשאָנאַל אמעריקאַן סאָפרעדזש פּאַרטי". אין דער מינוט, ווען עס ווערט ענדליך אָנגענומען דער אמענדמענט וועגען פרויען־שטימרעכט צו דער קאָנסטיטוציע, וועט די סאָפרעדזש פּאַרטיי אויפהערען צו עקזיסטירען, אנשטאַט איהר וועט אָבער עקזיסטירען „די ליעג אוו ווימען וואוטערס". איצט שטעלט זיך די פראַגע: וואָס איז דאָס פּראָגראַם פון דער נייער פּאַרטיי? וואָס פאַר אַ צו־זאַמענהאַנג האָט זי מיט דער סאָפרעדזש פּאַרטיי? די סאָפּ־רעדזש פּאַרטיי האָט אָפּגעגעבען אַלע איהרע קרעפטען אויף עראָבערען דאָס שטימרעכט. ווען דאָס שטימרעכט איז אָבער יאָ עראָבערט, זעהט די פּאַרטיי, אַז די פרויען זאָלען דאָס רעכט אויסנוצען. דאַן זעהט זי אויך, אַז אין די געזעצגעבענדע אינ־סטיטוציאָנען זאָל מען פאַרטיידיגען די אינטערעסען פון דער פרוי. דאָס פּראָגראַם פון דער פּאַרטיי ענטהאַלט דערפאַר פאָל־גענדע פּאַראַגראַפען:

1) אמעריקאַן סיטיזענשיפּ.
2) די פּראָטעקציאָן פון דער פרוי אין דער אינדוסטרי.
3) דעם קינד'ס טובה.
4) סאָציאַלע היגיענע.
5) פאַרבעסערונגען אין עלעקשאָן געזעצע און מעטאָדען.
6) דאָס שטודיום פון נאַהרונגס־פּראָבלעמען.
7) די פאַראייניגונג פון געזעצע, וואָס האָבען אַ שייכות צו דער פרוי.

די עראָבערונגען, וואָס „די ליעג אוו ווימען וואוטערס" קלייבט זיך צו מאַכען אויפ'ן אינדוסטריעלען געביעט, זיינען גאַנץ וויכטיגע. זעלבסטפאַרשטענדליך, מען זעהט, אַז איינינגע פאָדערונגען קומען ארויס ניט פון דער אַרבייטער־פּאַרטיי, פאַר וועלכער די אינטערעסען פון איהר קלאַס זיינען נאָהענט, און פאַרשטענדליך, אזוי איז ערגעץ פאַררוקט דער פּונקט וועגען גלייכע ווידזשעס פון פרויען און מענער פאַר גלייכע אַרבייט.

אין באַצוג צו קינדער האָט „די ליעג אוו ווימען וואוטערס" ארויסגעשטעלט זעהר אַ וויכטיגען פּונקט, אַז קינדער זאָלען מוזען באַזוכען די סקוהל פון 6 ביז 16 יאָהר. עס איז איבעריג צו רעדען וועגען דער וויכטיגקייט פון דיעזען פּונקט, וועלכער קען ליידער ניט דורכגעפיהרט ווערען אָהן אַן אמענדמענט, אַז די רעגיערונג זאָל סופּאָרטען די סקוהל־קינדער מיט עסען און קליידער. אַן אַרבייטער איז שווער צו האַלטען די קינדער אין סקוהל ביז 14 יאָהר, ווי וועט ער דאָס קענען אויספיהרען ביז 16 יאָהר, אין די יאָהרען נוען אויסהאַלטען אַ קינד קאָסט פיעל מעהר.

די סאָפרעדזש פּאַרטיי גרייט זיך אַלזאָ צו איהר פאָלשטענ־דיגען זיעג. זי גרייט זיך צו דער אַרבייט מיט אַ פעסטען אַפּאַ־ראַט אין איהר האַנד. איהר אַרבייט וועט זיכער ניט פאַר־לאָרען געהן.

# אונזערע קאָנווענשאַנס

(פעליעטאָן)

פון נפתלי

מיר האָבען דאָך שוין עפּעס אין אונזער לעבען געזעהן גענוג־קאָנווענשאַנס, אָבער אַזאַ ווי די אין דעטראָיט זעהען מיר צום ער־שטען מאָל.

מיר האָבען געזעהן „גרויסע" קאָנווענשאַנס, וואָס מען האָט זיי גיכער געדאַרפט אָנרופען „קליינע".. און ווידער פאַרקעהרט, „קליינע" קאָנווענשאַנס, וואָס זיינען דוקא געוואָרען „גרויסע"... אָבער די לעצטע קאָנווענשאָן ווייסען מיר ניט וואָס פאַר אַ נאָמען צו געבען. עס איז עפּעס געווען אַ קאָנווענשאָן ניט פון דעם סאָרט, צו וועלכע מיר זיינען צוגעוואוינט, און אויב די היסטאָריקער פון אַ. ר. ווועלען אַמאָל שרייבען די געשיכטע פון אונזערע קאָנווענשאַנס, וועלען זיי די ניינ־צעהנטע קאָנווענשאָן מוזען באַצייכענען אַלס אַ „לאַנגע" קאָנווענשאָן...

און זי איז ווירקליך לאַנג געווען, שוין אַ ביסעל צו לאַנג, אויב מיר מאַכען ניט קיין טעות, איז זי געווען די לענגסטע קאָנווענשאָן וואָס מיר האָבען ווען עס איז געהאַט. גאַנצע אַכט טעג האָבען פרעמדע אידען זיך געמוזט אַרומבלאָנקען אין דעטראָיט, אויסשטעהענדיג יעדע מינוט די געפאַהר איבערגעפאָהרען צו ווערען פון עטליכע אויטאָמאָ־בילס מיט אַמאָל, און האָבען נאָך דערצו געדאַרפט צאָהלען גרויסע האָטעל בילס...

אָבער ווי „לאַנג" די לעצטע קאָנווענשאן איז ניט געווען, איז זי דאָך געווען אַ ביסעלע „קורץ", עס האָט פאָרט עפּעס געפעהלט...

און געפעהלט האָט—די אמת'ע קאָנווענשאָן אַטמאָספערע, די הוי־ציגע „פּאָינט אָף אָרדערס", די אָנגעצויגענע דעבאַטען, די אַלטע אויס־געדראָשענע באַגריסונגס־רעדען, די כפול שמונה'דיגע אינטערפּעלאַ־ציעס, הייזעריגע שטימען, און די „פוירטהער דיוויזשאָנס" צו יעדען וואָהל פאַר טשערמאַן... אָבער מעהר פון אַלעמען האָט זיך געוואָרפען אין די אויגען, אַז עס פעהלען—דעלעגאַטען, דאָס הייסט, אַז אזוי זיינען דוקא געווען גענוג דעלעגאַטען, נאָך צו פיעל. מען האָט נאָך גאַנצע פיער שניק געמוזט אהיים אָפּשיקן אזש קיין ברוקלין... נאָר

אַז ס'איז געקומען צו די זיצונגען האָבען ביי יעדען טישעל געפעהל[ט] עפּעס מעהר, אָדער עפּעס וועניגער ווי אַ העלפט דעלעגאַטען...

און קוקענדיג אויף דעם, איז אונז ניט ווילענדיג געקומען אויפ[ן] געדאַנק, אַז עס הייבט אָן מקוים צו ווערען דאָס, וואָס איינער [פון] אונזערע אַלטע „היהנער־פּרעסער" האָט אַמאָל נביאות געזאָגט: [...] אונזערע קאָנווענשאַנס וועלען ביסלעכווייז פאַרלירען דעם רייץ, גלאַנ[ץ] און יום־טוב.דיגע היילינקייט.

און טאַקי באמת, צו וואָס זאָלען מיר זיך דאָ נאַרען, איהר האָ[ט] דאָס טאַקי אונזערע דעלעגאַטען פאַר אַזעלכע יאָלדען, אַז זיי וועל[ען] אייך זיצען ביי זייערע טישלעך און זיך איינהערען צו די רעפּאָר[טען] פון די קאָמיטעס, ווען זיי ווייסען שוין פאַראויס, אַז קיין נייע זאַכ[ען] וועלען דאָרט ניט געזאָגט ווערען?

אַמאָליגע יאָהרען זיינען די רעפּאָרטס פון די קאָמיטעס געוו[ען] גאָר אינטערעסאַנט: אַ גאַנצען יאָהר האָט זיך איין קאָמיטע מיט די אַנדערער פאַר די נעז געריסען, זיינען זיי געקומען צו דער קאָנוו[ענ]שאָן און געמאַכט „גימנאַסטישע־איבונגען"... איז באַמש געווען ווו[ס] צו הערען!

אָבער היינט? וואָס איז דאָרט פאַראַן צו הערען?

די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע וועט דערצעהלען מעשות וועגען קא[...] פיינס, טורס, און וועט זיך באַריהמען מיט אַ צואוואוקס פון עפּ[...] אַ צוועלף טויזענד נייע מעמבערס. אויך מיר אַ גרויסע זאַך! [...] עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע וועט זיך מסתמא באַקלאָגען, אַז פּאַפּיער [איז] טייער, די אַדרעסען פון „פריינד" זיינען ניט ריכטיג, און דער[...] האָט דער „פריינד" אַזאַ גרויסע צירקולאַציע און אזוי וועניג לעזו[ער] אָדער זי וועט גלאַט געבען אַן אָנצוהערעניש, אַז זי האָט דעם יאָ[הר] געהאַט וועניג געלט, און זי וואָלט מיט אַ גרעסערען בודזשעט א[...] געקענט האָבען אַ דעפיציט...

אויך מיר אַ נייעס — ווען האָט זי דען געהאַט גענוג?

וואָס וועט דען די בענעפיט קאָמיטע האָבען וואָס צו זאָגען? זי וו[עט] אודאי זאָגען, אַז ס'איז געווען אַן עפּידעמיע, דער עולם האָט געקרענ[קט] אין האָלסויל. אין אָפּיס קומען אַריין יעדען טאָג אַ וואַסערע פּוּפּצ[יג] פונטס סיק סערטיפיקייטס און מען צאָהלט קראַנקען בענעפיט. און סאַניטאַריום קאָמיטע? זי וועט געוויס דערצעהלען, אַז דער יקר[ות] אויף עסענוואַרג איז אזוי גרויס, אַז יעדער פּאַציענט האָט יעדען [...] געמוזט איינשלונגען דריי און אַ האַלב זילבערנע דאָלאַר... און מ'שטי[...] געזאָגט, וואָס האָט דען די גריוועגס קאָמיטע צו רעפּאָרטען? מסתמ[א]

# דער צוזאַמענפאָהר פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע

פון י. ב. סאלוצקי

דער 4טער צוזאַמענפאָהר פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע — דעם 29טען) 30טען, 31טען מאַי און דעם 1טען יוני, אין באָסטאָן — האָט געהאַט פאַר זיך דריי פראַגען איבער וועלכע צו ענטשיידען. אָן דעם אויסגאַנג פון די פערהאנדלונגען און אָן דער ענטשיידונג איבער די דריי פראַגען איז אָפּגעהאנגען ניט מעהר און ניט ווייניגער ווי די ווייטערדיגע עקזיסטענץ פון דער אידישער פעדעראַציע, אַלס א לעבעדיגע פּאָליטישע סאָציאַליסטישע קערפּערשאַפט.

איך בין איבערצייגט, אַז אונטער די אומשטענדען האָט די פעדעראַציע געפונען דעם ריכטיגען וועג ווי צו לייזען די שווערע פראַגען, וואָס די אייגענאַרטיגע ענטוויקלונג פון אונזער לעבען און באַוועגונג האָט אַרויסגעשטעלט. דערמיט מיין איך ניט צו באַהויפּטען, אַז דער ענטפער, וואָס דער צוזאַמענפאָהר האָט געגעבען, איז ענדגילטיג, אָדער אַז ער איז דער בעסטער. אודאי ניט, אָדער — אפשר ניט, אָבער אַ געזונטע, איך וואָלט געזאָגט — אַ שׂכל'דיגע, ליניע האָט דער צוזאַמענפאָהר געוויס געפונען, און דאָס אַליין איז אין די איצטיגע טעג פון אַלגעמיינער צומישונג און פאַרלאָרענהייט מעהר ווי גענוג: ניטאָ אויף וואָס צו קלאָגען זיך.

די דריי פראַגען פון דער באַוועגונג, איבער וועלכע דער צוזאַמענפאָהר האָט געהאַנדעלט, זיינען געוועזען:

1. אַ ריין־אינערליכע, אַ הויפּטזעכליך אָרגאַניזאַציאָנאַלע פראַגע — דאָס איז דער פונקט וועגען „לינקען פליגעל";

2. אַ פראַגע פון צענטראַלער באַדייטונג אין'ם לעבען פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין דעם לאַנד — דאָס איז דער פונקט וועגען פּאָליטישער אַקציאָן; און

3. דער פונקט וועגען דער אויפבויאונג פון דעם סאָציאַליסטישען אינטערנאַציאָנאַל, וואָס באַריהרט די, אַזוי צו זאָגען, אינטערנאַציאָנאַלע באַציהונגען פון אונזער באַוועגונג און שפּיגעלט אָפּ פּאַקטיש דעם אינערליכען אַנבליק פון אונזער פּאַרטיי.

אַלע דריי פראַגען זיינען ענג צוזאַמענגעבונדען. די אָרגאַניזאַציע פון „לינקען פליגעל" באַהויפּטעט, אַז איהר ספּעציעלע אויפגאַבע און עקזיסטענץ־באַרעכטיגונג איז די באַקעהרונג פון דער היגער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אויפ'ן וועג פון רעוואָלוציאָנערער פּאָליטישער אַקציע און די אַנשליסונג פון דער באַקעהרטער פּאַרטיי אָן דעם מאָסקווער אינטערנאַציאָנאַל. די אַנהענגער, ווידער, פון אַ פּאָליטישער טאַקטיק, וואָס זאָל שטימען מיט דער מאַרקסיסטיש־סאָציאַליסטישער אויפפאַסונג פון קלאַסען־קאַמף, באַהויפּטען אין געגענטייל, אַז דער „לינקער פליגעל", וואָס איז מבטל די פּאָליטיש־פּאַרלאַמענטאַרישע אַקציאָן, איז ניט קיין מהותן מיט קיין סאָציאַליסטישען אינטערנאַציאָנאַל, מיט'ן מאָסקווער אודאי ניט.

אַלע דריי פראַגען זיינען ענג איבערגעפלאָכטען צווישען איינאַנדער און דערפאַר וואָלטען זיי אפשר באַדאַרפט באַטראַכט ווערען צוזאַמען, אָבער אַזוינס איז קוים געווען מעגליך אונטער די ספּעציעלע באַדינגונגען פון אַמעריקאַנער צוזאַמענפאָהרען (קאָנווענשאָנס), וואו פאָרמעלע און ווייניג באַדייטענדע באַגריסונגען נעמען אוועק מעהר צייט, ווי די גאַנצע פּרינציפּיעלע אַר־

---

אַ לאַנגען צעטעל פון חטאים, עבירות, אַפּיעלס, קלאַגעס, קוויטעס, דינים און גלאַט משפּטים בל ידעום... און וואָס קען דען די אַפּיס קאָמיטע מעהר זאָגען, ווי אַז דער אָפּיס געפינט זיך נאָך אין 175 איסט בראָדוויי און אַז אַלעס איז אין בעסטען צושטאַנד?

יאָ, אַלעס איז אין בעסטען צושטאַנד!

פון דעם, זעהט איהר, נעהמט זיך דאָס, וואָס אונזערע קאָנווענשאַנס ווערען אַזוי וואָכעדיג...

אַלעס איז אין בעסטען צושטאַנד!

אונזערע אַלע שלאַכטען און קעמפּע האָבען מיר שוין ביי פריהערדיגע קאָנווענשאַנס אויסגעפאָכטען, און יעצט הערשט אַ וואַפּענשטילשטאַנד. ניטאָ קיין פּלאַן פאַר נייע קריעגעריען. ניטאָ דערווייל קיין נויטווענדיגקייט פאַר נייע פראַגען, פאַר נייע אידעען און פאַר קיין נייע רעפאָרמען אודאי ניט. זיין מאַכער גלוסט זיך אונז אַזוי פון וואָוילטאָג וועגען יאָ צו מאַכען עפּעס אַ שטיקעלע נייע רעפאָרמע, ליגט אין איהר אויך אַ היבשע שטיק „אַלטקייט"...

אָט נעהמט למשל אונזער „פאַרוואַלטונגס פּלאַן": שוין גאַנצע פינף יאָהר אַז מען טוטשעט איהם. מען האַלט איהם אין איין רעפאָרמירען. פריהער האָט מען דעם „בגד" מיט אַ ביין צולעכערט, כדי צו האָבען וואו צו לעגען לאַטעס, דערנאָך האָט מען איהם גאָר איבערגעניצעוועט מיט דעם אונטערשלאַג פון פאָרענט. און דאָ לעצטענס האָט עס שוין גאָר געהאַלטען דאַבוי, אַז מען זאָל איהם איבערמאַכען אויף אַ גאַנץ נייעם סטייל, און עס האָבען שוין אויף איהם געאַרבייט די „רעוויזערס" פון דער נאַציאָנאַלער באָארד אָף דירעקטאָרס, און די „קאַטערס" פון דער עקזעקוטיווע קאָמיטע. די ערשטע האָבען איהם דוקא געוואָלט פאַרקירצען אויף אַ העלפט, און די צווייטע בלויז אויף אַ פינפטעל... האָט מען אַזוי לאַנג געמאָסטען און מאַרקירט, ביז — מען האָט זיך אַרומגעזעהן, אַז ס'וועט שוין פון איהם קיין לייט ניט זיין, און ס'איז גאָר געבליבען ביים אַלטען, ווי אין פּסוק שטעהט, „חדש ימינו כקדם"...

אָט אַזוי מאַכען מיר רעפאָרמען!

און אַז ס'איז שוין יאָ געקומען צו רייד וועגען רעפאָרמען, ווילען מיר טאַקי פאַר איינוועגס אויך מודיע זיין, אַז אין די מוחות ביי פיעלע פון אונזערע מענשען באַמבעלט זיך שוין אַ נייע רעפאָרמע, דהיינו: אַנשטאָט אַלע יאָהר, זאָלען קאָנווענשאַנס געהאַלטען ווערען בלויז איין מאָל אין צוויי אָדער אין דריי יאָהר.

ס'קען זיין, אַז דיעזע רעפאָרמע וועט האָבען דעם זעלבען סוף וואָס דער פאַרוואַלטונגס פּלאַן האָט געהאַט, ווייל אַזוי לייכט וועט דאָס ניט געהן... דאָ וועלט שוין אונזער גאַנצע „דעמאָקראַטיע" אויפגעשטעלט אין קאָן... אָבער די מאָטיווען וואָס חברה געבען אָן זיינען דוקא אַזעלכע, אַז זיי מוזען פאָרט אַפּעלירען צו אונז.

אדרבה, זאָגט אַליין, וואָס אַ שטייגער קענט איהר ענטפערען, אַז מען באַווייזט אייך מיט ראיות ברורות, אַז די טויטקייט און וואָכעדיגקייט, וואָס הערשען ביי אונזערע קאָנווענשאַנס, זיינען אַ דירעקטע אורזאַכע פון דעם, וואָס אין משך פון איין יאָהר צייט קלייבט זיך ניט אָן גענוג פאַרהאַנדלונגס־מאַטעריאַל, וועלכע זאָל קענען די קאָנווענשאָן לעבעדיג מאַכען?

וואָס האָבען מיר ביי דער לעצטער קאָנווענשאַן אויפגעטאָן? — שרייען זיי.

מיר האָבען זיך געדונגען ווי מאַרק־אידענעס. צי די אידישע שולען זאָלען קריגען אַ פּעני אָדער צוויי מעהר? נו, האָט זיך וועגען דעם געלוינט צו כפּענדען איבער צוואַנציג טויזענד דאָלאַר? און אויב מען האָט געוואָלט אָפּשאַפען די „סאָמאָדערזשאַוויע", אַז אַ מעמבער אין פאַרוואַלטונג זאָל ניט קענען לויפען מעהר ווי דריי טערמינען, האָבען זיך עס מענשען געדאַרפט שלעפּען גאַנצע נעכט אין פּולמאַן טריינס?...

נאָר דאָס איז נאָך ניט אַלעס. זיי האָבען נאָך!

איהר דאַרפט זיך נאָר מיט זיי אין וכוחים אַריינלאָזען, וועלען זיי אייך באַווייזען, אַז כמעט אַלע באַשליסע פון דער לעצטער קאָנווענשאָן זיינען ניט ווערטה דאָס געלט וואָס זיי האָבען אָפּגעקאָסט. מען האָט זיי געקענט מאַכען אין איסט בראָדוויי אָהן אַ קאָנווענשאָן, און מיט אַ סך פון זיי האָט מען זיך אין גאַנצען געקענט באַגעהן...

און מאַמער גיט איהר ביי זיי אַ פרעג: זאָגט נאָר, רבותי, און אַז איהר וועט שוין האָבען קאָנווענשאַנס איין מאָל אין צוויי יאָהר, צי אַפילו אין דריי יאָהר, וועט דען ניט זיין דאָס זעלבע? ענטפערען זיי אייך, אַז עס קען זיין, אָבער פּרוואווען מעג מען דאָך! וועט עס ניט טויגען, ווייסט איהר דאָך וואָס מען טוט. מ'קעהרט איבער דעם דישעל און השיבנו נאַזאַד... אָבער אַ שעהנע מטבעת ווועלען מיר דאַביי אָפּשפּאָרען?...

אָט אַזאַ הברה איז דאָס! און געהט זאָגט, אַז זיי זיינען אומגערעכט!

און אפשר וואָלטען מיר טאַקי געפּרואווט? ס'קען ניט שאַטען!

בייט פון צוזאמענפאהר און וואו עס הערשט די גרעסטע לעבעדיגקייט בעת די וואהלען פון פארשיעדענע קאמיטעס. מען האט געמוזט אפזאגען זיך פון אן אלגעמיינער דיסקוסיע און לכתחילה די פראגען איינטיילען, אזוי אז ס'זאל מעגליך זיין א פיעל־וועניג פארנינפטיגע דיסקוסיע איבער יעדער פראגע באזונדער.

דער צוזאמענפאהר האט איינגעטיילט די פראגע וועגען פאליטישער אקציאן אין דער ערשטער שורה, און — דאס איז געווען דורכאוים ריכטיג. סוף כל סוף, אוב עטוואס טיילט אפ אויף דעם ענטשיידענסטען אופן דעם „לינקען פליגעל" פון דער סאציאליסטישער פארטיי, איז עס טאקי — די אויפפאסונג פון דער פאליטישער אקציאן. און אז דער צוזאמענפאהר האט די פראגע ערליידיגט, האבענדיג באשלאסען אז די פארטיי פארבלייבט טריי צו דער טאקטיק פון דעם רעוואלוציאנערען מארקסיסטישען סאציאליזם, איז געקומען די פראגע וועגען דער ארגאניזאציאנעלער עקזיסטענץ פון „לינקען פליגעל". אבער די פארהאנדלונג איז ניט געווען באשרענקט אויף דער ריין־ארגאניזאציאנעלער זייט פון דער פראגע: זי האט שוין געהאט א פרינציפיעלע באלייכטונג אין דער פארפאסטער און אנגענומענער רעזאלוציע וועגען דער פאליטישער טאקטיק.

די פראגע וועגען דער באציהונג פון דער פארטיי און איהר ראלע אין אויפבויען דעם אינטערנאציאנאל איז געקומען צולעצט.

עס זיינען געשטאנען פאר דעם צוזאמענפאהר מעהרערע פראגען, אבער, ערשטענס, זיינען זיי אלע געווען פון פיעל קלענערער באדייטונג אין דעם מאמענט, און, צווייטענס, האבען זיי טאקי געקראגען זעהר וועניג אויפמערקזאמקייט. דער הויפט־אויפטו פון צוזאמענפאהר איז געלעגען אין דער דיסקוסיע און האנדלונג איבער דער ערשטער פראגע.

אין וואס איז זי באשטאנען? וועלכע צדדים זיינען געווען פארטראטען אין די פארהאנדלונגען? אין קורצען, לאזען זיך די ריכטונגען כאראקטעריזירען אויף דעם פאלגענדען שטייגער:

עס איז געווען פארטראטען אין צוזאמענפאהר אזוי צו זאגען די פארגאנגענהייט פון דער פארטיי און די פאליטישע טאקטיק, וואס האט באהערשט איהר טעטיגקייט, — נאטירליך אמאל מעהר אמאל וועניגער, אין איין פלאץ אויסגעדריקט שארפער און אין א צווייטען מעהר פארבארגען.

עס איז געווען פארטראטען אם שטארקסטען, אם קלארסטען געקומען צום אויסדרוק און האט געזיעגט אויף דעם צוזאמענפאהר די צוקונפט פון דער פארטיי, די טאקטיק וואס זאל ערשט ווערען דער באזיס פון איהר טעטיגקייט, אויב זי וויל זיין א ווירקזאמער כח אין דעם סאציאל־פאליטישען לעבען פון דעם ארבייטער־קלאס און פון דעם גאנצען פאלק אין אמעריקא.

און — עס איז אויך געווען א דריטע ריכטונג פארטראטען, א ריכטונג וואס פארטרעט דעם קריזיס אין דער סאציאליסטישער באוועגונג, דעם בין השמשות פון סאציאליסטישען געדאנק, א געמישאכץ פון פראטעסט געגען פעהלערען און פארזעהענס אין דער פארגאנגענהייט און אומפעהיגקייט קלאר צו קוקען און באגרייפען די צוקונפט.

די לעצטע — די דריטע ריכטונג — איז געווען שטארק ארגאניזירט, געבונדען מיט אן אינערליכער דיסציפלין פון א פראקציע. דאס איז געווען דער אזוי־גערופענער „לינקער פליגעל".

די ערשטע ריכטונג — די פארגאנגענע טאקטיק פון דער פארטיי, מיט דער איבערשאצונג פון קליין־באלעבאטישע מילך און גאז רעפארמעס אין געיעג נאך שטימען און עמטער, — איז אזוי צו זאגען פיזיש ניט געווען אויף דעם צוזאמענפאהר. אפשר פארבארגען זיינען געזעסען א פאר לאמעד־וואוו'ניקעס, וואס האבען „געדענקט די פיש, וואס מיר האבען געגעסען אין מצרים" און געטרוימט וועגען דער לייכטער אגיטאציע פאר בילינערע וואסער, פאר געדיכטערען מילך און ד. גל. אבער — מען האט פון דער ריכטונג ניט געהערט קיין איין ווארט, קיין הויך ניט, קיין פארשלאג, שריפטליך צי מינדליך, אודאי ניט.

אם שטארקסטען איז געווען פארטראטען, ווי שוין געזאגט, די צווייטע ריכטונג, וואס איז געקומען צום צוזאמענפאהר באוועלט פון איינציגען געדאנק און באאויפטראגט פון דער מיט־

גליעדערשאפט איבערצוקאכען די ערפאהרונגען פון די לעצטע פאר יאהר און באטראכטענדיג אונזער ווייטערדיגע ארבייט אין דער ליכט פון די פאסירונגען אין דער וועלט און דער ממשות'דיגער לאגע ביי אונז אין לאנד.

די „מלחמה" אויפ'ן צוזאמענפאהר איז געפיהרט געווארען צווישען אט דער ריכטונג און דעם „לינקען פליגעל".

די ערשטע פראגע, אויף וועלכע ביידע צדדים האבען געזאלט ענטפערען, איז געווען — ווי באטראכטען מיר דעם איצטיגען מאמענט אין אונזער אייגענעם לאנד: לעבען מיר איבער א רעוואלוציאנערען קריזיס, שטעהען מיר איבער די קניה און ביז'ן גארגעל אין סאציאלען פייער, אדער — אזא צושטאנד איז נאך ניט געקומען, הגם עס איז ניט אויסגעשלאסען ער זאל קומען פריהער, ווי א סך ערווארטען איהם.

ווי געזאגט פריהער, איז ניט געווען קיין אלגעמיינע דיסקוסיע וועגען דער לאגע בכלל און וועגען דעם היסטארישען מאמענט וועלכען מיר לעבען איצט דורך. אזוינס וואלט אונפארמיידליך געווען אויף יעדען אייראפעאישען צוזאמענפאהר, אבער — מיר זיינען דאך ניט אין אייראפא, האט יעדער צד אנגענומען פאר זיכער, אז זיין אפשאצונג פון מאמענט איז קלאר, און — גערעדט וועגען דער טאקטיק. כדי צו פארשטעהן די רעזאלוציעס פון ביידע זייטען וועגען דער פאליטישער טאקטיק מוזען מיר אננעמען, אז די אדוואקאטען פון „לינקען פליגעל" האלטען, אז מיר זיינען שוין אין דער רעוואלוציע, נאר עס פעהלט איינפאך די פארמעלע ערקלערונג פון אט דער וויכטיגער פאסירונג. דער צווייטער צד, די סאציאליסטישע פארטיי, איז געשטאנען אויף דעם שטאנדפונקט, אז הגם עס איז דורכאוים מעגליך, אז דער אפקלאנג פון די אייראפעאישע פאסירונגען זאל אויף איין שטייגער צו א צווייטען דערגרייכען אויך אונזערע ברעגעס, אבער אזוי לאנג ווי עס איז ביי אונז, וואס מען רופט „נארמאל", מוז די טאקטיק פון דער פארטיי זיין צוגעפאסט צו וואס מען רופט רוהיגע צייטען, — רוהיגע הגם שוואנגערע מיט אומרוהען.

די מעהרהייט האט איהרע אנזיכטען אויף דער פאליטישער אקציאן פארמולירט אין דעם פאלגענדען „פריעמבעל", אדער ערקלערונג צו דעם רעזאלוטיווען טייל פון איהר פראגראם:

די פאליטישע אקציאן פון דער ס. פ. מוז אננעהמען אין פארשיעדענע צייטען פארשיעדענע פארמען, אבער זי מוז אין אלע צייטען פארבלייבען טריי צו די פאלגענדע צוויי פרינציפען:

ערשטענס, זי מוז זיין א מאסען־אקציאן אין איהרע מעטאדען און קאמפפסמיטלען.

צווייטענס, זי מוז באצוועקען די עראבערונג פון דער פאליטישער מאכט אין דעם שטאאט מיט דער אבזיכט צו פארוואנדלען דעם שטאאט אין אן אינסטרומענט, וואס זאל ענדליך, אונטער דער רעוואלוציאנערער פיהרערשאפט פון דעם פראלעטאריאט — די דיקטאטור, ברענגען צו דער פארניכטונג פון דעם קאפיטאליסטישען שטאאט, וואס איז זיין עצם א מיטעל פון קלאסען־הערשאפט, און צו דער אויפבויאונג פון דער סאציאליסטישער געזעלשאפט.

אין אזוי־גערופענע רוהיגע צייטען קומט די פאליטישע מאסען־אקציאן צום אויסדרוק דורך באטייליגונג אין פארלאמענטארישע וואהלען, אין פעטיציעס, מאסען־דעמאנסטראציעס און פאליטישע סטרייקס, וועהרענד אין רעוואלוציאנערע צייטען ווערט זי אויסגעדריקט דורך יעדער מעגליכער פארמע פון רעוואלוציאנערער מאסען־ארויסטרעטונג, וואס באצוועקט די באלדיגע עראבערונג פון דער פאליטישער מאכט דורך דער דיקטאטור פון פראלעטאריאט.

די פאליטיש־פארלאמענטארישע אקציאן פון איין זייט דורכצופיהרען, דורכ'ן פארלאמענט פון אינוועניג און דורכ'ן דרוק אויפ'ן פארלאמענט פון דרויסען, אלע אזעלכע פאליטישע און סאציאלע געזעצען, וואס וועלען פארשטארקען די קלאסען־פאזיציע פון פראלעטאריאט אלס כח אין דעם קלאסען־קאמף. פון דער צווייטער זייט, האט די פאליטיש־פארלאמענטארישע אקציאן אלס איהר צוועק אויסצונוצען די טריבונע פון די געזעצגעבענדע קערפערשאפטען פאר דער פראפאגאנדא פון די סאציאליסטישע אידעען און

פרינציפען און פאר דער אומשטירצונג פון דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפטליכער ארדנונג און די איינפיהרונג פון סאציאליזם.

אין דעם „פריעמבעל" צו דער רעזאלוציע וועגען דער פאליטישער טאקטיק זיינען באטאנט דריי וויכטיגע מאמענטען:

ערשטענס, אז די סאציאליסטישע פארטיי איז ניט קיין פארטיי פון שטאאט־סאציאליזם, נאר אין געגענטייל, אז זי באטראכט דעם שטאאט אלס אן אינסטרומענט פון קלאסען־הערשאפט, און דער ציעל פון דער פארטיי איז די ערָאבערונג פון דעם דאזיגען אינסטרומענט אדער אפאראט פון קלאסען־הערשאפט מיט דער אבזיכט צו מאכען א סוף פון קלאסען־הערשאפט בכלל;

צווייטענס, אז די סאציאליסטישע פארטיי גלויבט ניט אין פריעדליכען „אריינוואקסען" אין סאציאליזם, אז זי איז ניט פארשקלאפט צום געדאנק פון שטופענווייזער „אנזאמלונג" פון סאציאליסטישע שטימען, ביז א מעהרהייט שטימען וועט אונז ברענגען די גאנצע מאכט: אין געגענטייל, די פארטיי גלויבט, אז די רעוואלוציאנערע הערשאפט פון ארבייטער־קלאס, די אזוי־גערופענע דיקטאטור פון פראלעטאריאט וועט זיין אן אונפארמיידליכע שטופע אין דעם איבערגאנג פון דער „הערשאפט פון מאכט צו דער ארדנונג פון פרייהייט", און

דריטענס, אז די פאליטישע טעטיגקייט פון דעם ארבייטער־קלאס, אפילו אין די רוהיגע צייטען, טאר זיך ניט באשרענקען אויף ריין־פארלאמענטארישע פארמען, נאר זי דארף קומען צום אויסדרוק דורך אלערליי מעגליכע פארמען, וואס זיינען צוגעפאסט צום מאמענט, אז עס דארף סיסטעמאטיש אויסגעאיבט ווערען א דרוק אויפ'ן פארלאמענט פון דרויסען. און אז די סאציאליסטישע פארטיי דארף נעמען איניציאטיווע אין אט דעם סארט פאליטישע מאסען־אקציאן.

נעגען אט דעם דורכאויס רעוואלוציאנערען מעטאד פון אקציאן האבען די געגנער — דער „לינקער פליגעל" — ניט געהאט וואס ארויסצושטעלען אויסער אן אלגעמיינעם פלאן פון ערוועהלען קאנדידאטען צום פארלאמענט, אבער אהן א באשטימטען פראגראם. זייער איינציגער פונקט איז באשטאנען דעריין, דאס „מיר האבען גארניט צו ערווארטען און גארניט פארוואס צו קעמפען אונטער'ן קאפיטאליזם", און דערפאר — ערוועהלען מיר קאנדידאטען, וואס שלאגען ניט פאר קיין געזעצען, פאדערען ניט קיין זאך, אויסער „די אומשטירצונג פון קאפיטאליזם". דער צוזאמענפאהר, וואס איז געווען רעוואלוציאנער סאציאליסטיש אין זיין גרויסער מעהרהייט, האט ניט געפונען פאר מעגליך אנצונעמען אט דעם פראגראם פון מאכט־ און טאטלאזיגקייט. ער האט אזא פראגראם באטראכט פאר איינפאך רעאקציאנער, הגם פארפוצט און פארשלייערט אין רעוואלוציאנער קלינגענדע־פסוקים, אז — ער האט מיט צוויי דריטעל מעהרהייט, 75 געגען 35, צוריקגעוויזען דעם כלומר'שט „לינקען" פראגראם.

עס איז אנגענומען געווארען דאס פאלגענדע פראגראם פון פאליטיש־פארלאמענטארישער טעטיגקייט:

1. אז די סאציאליסטישע פארטיי זאל האבען אן איינהייטליכע נאציאנאלע פראגראם און ניט אז יעדע שטאאטליכע אדער שטאדטיגע ארגאניזאציע זאל שאפען פאר זיך אן אייגענעם פראגראם. אין פאל, אז אין א באשטימטען געגענד ענטשטעהט א ספעציעלע פאדערונג וואס איז וויכטיג פאר דעם ארטיגען ארבייטער־קלאס, זאל די פאדערונג איינגעשלאסען ווערען אין דעם פראגראם פון דער פארטיי פאר דעם באטרעפענדען געגענד און ארויסגעשטעלט ווערען אלס פארטיי־פאדערונג אין די וואהלען נאר דעמאלט, ווען די פאדערונג איז אין איינקלאנג און שטימט מיט דעם גייסט פון דעם נאציאנאלען פראגראם פון דער גאנצער פארטיי.

2. אז דאס פראגראם פון דער פארטיי אויסער דעם רעוואלוציאנערען ענדציעל זאל ענטהאלטען נאר אזעלכע פאליטישע און סאציאלע פאדערונגען, וואס קענען שטארקען די פאזיציע פון פראלעטאריאט אין זיין קלאסען־קאמף פאר דער ענטגילטיגער פארניכטונג פון דעם קלאסען־שטאאט און פון דעם קאפיטאליזם.

3. אז אויף דער איניציאטיווע פון דער פארטיי זאל דער קאמף אין פארלאמענט סיסטעמאטיש ארויסגעהאלפען ווערען דורך עפענטליכע מאסען־ארויסטרעטונגען פון די ארבייטער, ווי פאליטישע סטרייקס, דעמאנסטראציעס, א. א. וו.

4. אין דער פארווירקליכונג פון די אויבענדערמאנטע פונקטען זאל די פארטיי דורך איהרע לייטענדע אינסטיטוציעס אויפפאסען, אז אין אונזער וואהל־אגיטאציע און וואהל־קאמף און אין דער פארלאמענטארישער טעטיגקייט זאל ניט איבערשעצט ווערען די באדייטונג פון בירגערליכע רעפארמען און די פארטיי זאל פריי זיין פון די געיעגען נאך שטימען און פאליטישע עמטער.

5. אז אלע געוועהלטע סאציאליסטישע פארטרעטער אין די געזעצגעבענדע ריכטליכע און אדמיניסטראטיווע קערפערשאפטען זאלען שטעהן אונטער דעם פאלשטענדיגען און דירעקטען קאנטראל און דיסציפלין פון די אנפיהרענדע ארגאנען פון דער פארטיי.

די פינף פונקטען פארקערפערען אין א ממשות'דיגער פארמע די פרינציפען, וואס זיינען אויסגעדריקט אין דעם „פריעמבעל", ווי מיר האבען עס פריהער אויפגעקלערט. און גלייכצייטיג שאפען זיי א באשטימטע פארזיכערונג, אז עס זאלען זיך ניט אומקעהרען די צייטען, ווען אונזער פארטיי איז אין מאנכע דיסטריקטען פאקטיש פארוואנדעלט געווארען אין א רעפארמיסטישער פארטיי מיט א סאציאליסטישער פראזעאלאגיע. אן איינהייטליכער נאציאנאלער פראגראם מיט שטרענגען קאנטראל איבער ארטיגע „קעמפיין־אישוס", א שטרענגע אויפפאסונג איבער קאנדידאטען און ערוועהלטע און זייערע פארשפרעכונגען און טעטיגקייט, א שארפע באטאנונג פון דעם ענד־ציעל אנשטאט די פראקטישע „אימידיאייט דעמענדס" און א מאנדאט אויסצושפרייטען די פאליטישע אקציאן אויסער די ווענט פון די פארלאמענטארישע זאלען, — די קלארע שטעלונג האט געשטעלט די סאציאליסטישע פעדעראציע אויף אן אויסערגעוועהנליכען הויך, זי האט איהר אפגעטיילט פון די רעפארמיסטען אין טאט, הגם סאציאליסטען אין אויסדרוק, — דאס פון איין זייט. און פון דער צווייטער זייט, האט די פעדעראציע אפגעצאמט זיך, אויף דעם ענטשיידענסטען וועג פון די האלבע און גאנצע, באוואוסטזיניגע און ניט דערבאקענע אנארכיסטען אין דער פארטיי, וואס האבען גענוצט סאציאליסטישע פסוקים צו פארבארגען זייער אינערליכע פאליטישע פוסטקייט.

קיין רעפארמיסטען זיינען ניט געווען אויף דעם צוזאמענפאהר. אבער אזעלכע „פיפטי־פיפטי" אנארכיסטען־סאציאליסטען זיינען יא געווען. זיי האבען זיך גרופירט אין „לינקען פליגעל", און נאכדעם, ווי עס איז אנגענומען די רעזאלוציע וועגען פאליטישער אקציאן, האבען זיי מעהר ניט געהאט וואס צו טאן אין דער פעדעראציע און זיי האבען פארלאזען דעם צוזאמענפאהר. דער צוזאמענפאהר האט בלויז באשטעטיגט דעם פאקט, אחר המעשה, און ער האט אין א ספעציעלער רעזאלוציע וועגען „לינקען פליגעל" באשטעטיגט די „שיידונג" און פארוואנדעלט זי אין א פארמע פון גט. אז מען קען ניט לעבען צוזאמען איז בעסער אן אפענער אויסוועג — באזונדער.

די פאליטישע רעזאלוציע האט אינדירעקט געלייזט די פראגע וועגען „לינקעל פליגעל". די דיסקוסיע איז שוין געווען פיעל וועניגער אינטערעסאנט, אבער די רעזאלוציע איז געווען אויסגעשפראכען:

די קאנווענשאן ערקלערט, אז די ארגאניזאציע אין דער פארטיי באקאנט אלס דער לינקער פליגעל" פארלייקענט אין איהר פרינציפען־ערקלערונג די מארקסיסטיש־סאציאליסטישע אויפפאסונג פון פאליטישען קאמף און מאסקירט אונטער רעוואלוציאנערע פראזען א פאקטיש ניט־סאציאליסטישען אינהאלט. די קאנווענשאן ערקלערט ווייטער, אז די זעלבסטשטענדיגע ארגאניזאציאנעלע עקזיסטענץ פון דעם „לינקען פליגעל" אלס פארטיי אין דער פארטיי, מיט אן אייגענער דיסציפלין, מאכט אונמעגליך די געזונטע

פונקציאָנירונג פון דער פּאַרטיי אלס דעמאָקראַטישע באַוועגונג, באַרויבט די פּאַרטיי פון וועלכער עס איז מעגליכקייט אויסצובריימען אַ געמיינשאַפטליכע פּאַרטיי־מיינונג איבער די וויכטיגסטע פראַגען און פאַרוואַנדעלט די פּאַרטיי אין צוויי פיינדליכע צדדים וואָס קעמפען איינער מיט דעם אַנדערען אנשטאַט צו קעמפען מיט׳ן אויסער׳ן שונא.

דערפאַר באַשליסט די קאָנוועגשאָן, אַז איינצעלנע גענאָסען און אָרגאַניזאַציעס וואָס שליסען זיך אָן אָן דער אָרגאַניזאַציע פון „לינקען פליגעל" און בינדען זיך מיט איהר דיסציפּלין, שליסען זיך מיט דעם אויטאָמאַטיש אויס פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע.

גלייכצייטיג אנערקענט די קאָנוועגשאָן און באַשטעטיגט דאָס רעכט פון אַלע גענאָסען אין דער פּאַרטיי צו פרעדיגען און ארבייטען פאַר די סאָציאַליסטישע פּרינציפּען און טאַקטיק, אין וועלכע זיי זיינען איבערצייגט. די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס זאָלען געבען צו אַלע אַזעלכע גענאָסען אַ פולע מעגליכקייט צו פּראָפּאַגאַנדירען זייערע אידעען אין פּאַרטיי־פאַרזאַמלונגען און פּאַרטיי־פּרעסע, ווי זיי פאַרשטעהען זיי, אויב נאָר די גענאָסען פאַרבלייבען אין דער פּאַרטיי אויף גלייכע יסודות מיט אַלע אַנדערע גענאָסען און בילדען ניט קיין אָרגאַניזאַציע אין דער אָרגאַניזאַציע.

דער תמצית פון דער רעזאָלוציע איז, ווי איינער האָט זיך אויסגעדריקט אויפ׳ן צוזאַמענפאָהר: „פאַר אַ לינקער פּאַרטיי, געגען אַ לינקען פליגעל, — פאַר לינקע פּרינציפּען, געגען לינקס ביזנעס".

די דריטע רעזאָלוציע וועגען אינטערנאַציאָנאַל פאַרדיענט אַ באַזונדער באַטראַכטונג.

# דער אלף־בית פון לאָגיק

## (ווי אזוי מיר דענקען)

פון פּיליפּ קראַנץ

### איבער ווערטער מיט פאַרשיעדענע באַדייטונגען

יעדער איינער ווייס, אַז אַ סך ווערטער האָבען פאַרשיעדענע באַדייטונגען. ווי רייך אַ שפּראַך זאָל ניט זיין אין ווערטער, איז עס דאָך שווער צו געפינען אַזאַ אָפט־געברויכטען וואָרט, וואָס זאָל האָבען בלויז איין באַשטימטע באַדייטונג און קיין אַנדערע אונטער אירגענד וועלכע אומשטענדען. און ווען מען וויל לאָגיש אורטיילען, איז עס נויטיג צו נעהמען אין באַטראַכט די פאַרשיעדענע באַדייטונגען פון די זעלבע ווערטער. מיר קענען טאַקע ניט דענקען אָהן ווערטער (עס מאַכט ניט אויס, אויב מיר שפּרעכען זיי אויס אָדער ניט), אָבער שפּראַכען האָבען זיך לאַנגזאַם ענטוויקעלט און ווערטער זיינען מיט דער צייט געברויכט געוואָרען אויסצודריקען ווייט ניט די זעלבע געדאַנקען, ניט זעלטען זאָגאַר גאַנץ פאַרקעהרטע געדאַנקען.

מען צוטיילט דארום די ווערטער פון אַ שפּראַך אויך אין אוניוואָקאַלע אָדער איינדיטיגע און אין עקוויוואָקאַלע אָדער צוויידייטיגע ווערטער.

אַזעלכע ווערטער, וועלכע באַשרייבען פאַרשיעדענע זאַכען און באַגריפען מיט די זעלבע קלאַנגען און גאַנץ אָפט אויך מיט די זעלבע זילבען און בוכשטאַבען, ווערען אויך גערופען האָמאָנימען (פון די גריכישע ווערטער: האָמאָס — דער זעלבער, אָנימאַ — נאָמען). דאַגעגען ווערטער מיט פאַרשיעדענע קלאַנגען, נור מיט עהנליכע באַדייטונגען ווערען גערופען סינאָנימען (פון די גריכישע ווערטער: סין — צוזאַמען, אָנימאַ — נאָמען).

עס פאַרשטעהט זיך, אַז ווען מען געברויכט ניט ריכטיג אַזעלכע ווערטער, ווען מען מישט צוזאַמען זייערע פאַרשיעדענע באַדייטונגען, מוז עס פיהרען צו פאַלשע שלוספאָלגערונגען, צו דונקעלהייטען און פּלאָנטערס, צו סאָפיזמען, צו פאַלשער רעזאָנירונג בכלל, אָדער ווי מען זאָגט עס אויף ענגליש, פאַלאַסי (Fallacy).

עס וועט אונז נאָך אויסקומען צו באַטראַכטען, ווי קאָם איז שוין פאַרשפּראָכען געוואָרען אין אַ פאָריגען אַרטיקעל, די אַרט און ווייזע ווי אַזוי שלוספאָלגערונגען הענגען אָפּ פון דעם ריכטיגען געברויך פון ווערטער און ווי אַזוי מען קומט און מען קען קומען צו פאַרשיעדענע פּאָרמען פון פאַלשע רעזאָנירונג. נור דאָ ווילען מיר ברענגען בלויז איין ביישפּיעל, אום קלאָרער און דייטליכער צו מאַכען דאָס אויבען־געזאָגטע. אָט דאָס וואָרט „איבעל" האָט אויך פאַרשיעדענע באַדייטונגען. נון, ווען מיר זאָלען ערקלערען אין נאָמען פון מאָראַל, אַז „מען טאָר ניט דערלאָזען צו קיין איבעל אפילו מיט דער אבזיכט צו טאָן גוטעס" און אויף דיזען גרונד אויספיהרען אָדער ציהען דעם שלוס, אַז „מען דאַרף אויך ניט דערלאָזען צו אירגענד וועלכע שטראָפען, ווייל אַ שטראָף איז דאָך אויך אַן איבעל", דאַן וועט עס זיין אַ פאַלשע רעזאָנירונג.

פאַר וואָס? גאַנץ איינפאַך, ווייל דאָס עקוויוואָקאַלע וואָרט „איבעל" ווערט דאָ ניט געברויכט אין איין און דעם זעלבע זינען, איין מאָל, נעמליך אין דעם ערשטען זאַץ, אין אַ מאָ ראַלען זינען, און דעם צווייטען מאָל, נעמליך אין דעם לעצטען זאַץ, אין אַ פיזישען זינען, אין דער באַדייטונג פו קערפּערליכען שמערץ, פון וועהטאָג.

אַ מאָראַלער איבעל טאָר טאַקע קיין מאָל ניט באַגאַנגע ווערען אפילו מיט די בעסטע אבזיכטען אין דער וועלט, או דארום ווערט עס פאַרדאַמט דער יעזואיטישער כלל, אַז „דע צוועק היילינגט די מיטעל" (ליידער פּראַקטיצירט מ עס אָבער ניט בלויז אין דער יעזואיטישער וועלט...). נו עס איז דאָך פאַלש צו שליסען דערפון, אַז מען טאָר גאָר נ באַשטראָפען אַ פאַרברעכער, ווייל יעדע שטראָף אי נאַטירליך, אַן איבעל פאַר איהם אין אַ פיזיש זינען, פשוט גערעדט, דאָס פאַרשאַפט איהם אַ שמערץ. אַז שלוס איז טאַקע אַ פאַלאַסי, אַ סאָפיזם, ווייל דער צווע פון אַזאַ „איבעל", ווי אַ שטראָף פאַר אַן אונרעכט אָדער פ אַ פאַרברעכען, איז דאָך, אַז דער שולדיגער זאָל ליידען פ דעם מאָראַלען איבעל, וואָס ער איז באַגאַנגען.

ווערטער אָדער טערמס וואָס האָבען בלויז איין באַדייטו געפינען זיך מייסטענס אין טעכנישע און וויסענשאַפטלי ביכער, און דאָס אויך, ווען עס איז אָנגענומען צו געברויכ געוויסע ווערטער אין אַ געוויסען זינען. אין איניגע וויסע שאַפטען, ספּעציעל אין דער כעמיע, זיינען איינגעפיהרט ג וואָרען געוויסע צייכענס, „פאָרמולעס", ווי מען רופט זי פאַר באַשטימטע זאַכען. למשל, דער בוכשטאַב O באַצייכע אַ געוויסען גאַז, וואָס ווערט גערופען מיט דעם לאַטייניש וואָרט אָקסיזשען (דייטש: זויערשטאָף, רוסיש: קיסלאָראָד דער בוכשטאַב H באַצייכענט אַן אַנדער באַשטימטען גאַז, וו ווערט גערופען מיט דעם לאַטיינישען וואָרט הידראָזשען (דייט וואַסערשטאָף, רוסיש: וואָדאָראָד), אַ. ז. וו. אַזעלכע נעמ מעגען אויך גערופען ווערען ספּעציפישע. טעכנישע נ מען, ווי לאָקאָמאָטיוו, דאַמף־מאַשין, אייזענבאַהן, אָטאָמאָב אַ. ז. וו. קענען גערעכענט ווערען פאַר אוניוואָקאַל ווייל זיי האָבען געוועהנליך איין באַדייטונג. נעמען פון פ זאַכען, שטעדט, פּאַסירונגען און בכלל פון איינצעלנע און קלאָ באַשטימטע זאַכען זיינען געוועהנליך אוניוואָקאַלע.

אָבער ניט נור זיינען עקוויוואָקאַלע נעמען צאָהלרייכ אין יעדער שפּראַך פאַר אוניוואָקאַלע, זאָגדערן אפילו אַזעל ווערטער, וועלכע שיינען פון ערשטען בליק צו האָבען בלויז א

באדייטונג, ווערען ניט זעלטען געברויכט אין א דאפעלזין. למשל, ברוים, ווארצעל, קערנער, פלייש, אייזען, גאלד, א. ז. וו., וועלכע זיינען אייגענטליך טעכנישע, זאגאר ספעציפישע אין זייער ארי־גינעלער באדייטונג, ווערען פון דעסטוועגען גאר ניט זעלטען געברויכט אין א פיגוראטיווען זינען אדער בלשון מליצה.

אין אלגעמיין מעג מען זאגען, אז וואס עפטער א ווארט ווערט געברויכט אין דער געוועהנליכער שפראך, אלץ מעהר צווייִדייטיגקייט קריגט ער. די מייסטע סובסטאנטיווען און אדיעקטיווען אין געשפרעכען זיינען עקוויוואקאלע. אין דער ענגלישער שפראך רופט מען צווייִדייטיגע ווערטער אויך „אמ־ביגיואז“, פון דעם לאטיינישען ווארט „אמביגא“, וואס באַ־דייטעט: זיין אין צווייפעל.

געוועהנליך צוטיילט מען צווייִדייטיגע ווערטער אין דריי קלאסען: 1) אזעלכע וואס זיינען צווייִדייטיג נור אין קלאנג; 2) אזעלכע וואס זיינען צווייִדייטיג אין אויסלעגען; און 3) אזעלכע וואס זיינען צווייִדייטיג אין קלאנג און אין אויס־לעגען. מען רופט זיי אין אלגעמיינען: „האמאנימען“.

די ערשטע צוויי קלאסען זיינען קליין אין צאהל און פיהרען אויך פארהעלטניסמעסיג ווייניג צו פאלשער רעזאנירונג און ערגסטע טעות'ן. מען דערקענט זיי געוועהנליך נאך דעם זינען אין דער פראזע, אדער ווי מען זאגט עס אויף אידיש: „וואו דער תמור שטעהט“.

אום ניט צו פארקריכען צו ווייט אין שפראך־פארשונגען (דאס געהערט אייגענטליך מעהר צו גראמאטיק, ווי צו לאגיק), וועל איך דא ברענגען בלויז איניגע ביישפיעלען פון אזעלכע ווערטער.

ווי ארים אונזער מאמע־לשון איז ניט אין ווערטער בכלל, באזיצט ער דאך פיעל מעהר פארשיעדענארטיגע צווייִדייטיגע ווערטער, ווי דאס קען זיך דוכטען פון ערשטען בליק.

אין אידיש האבען מיר אזעלכע האמאנימען, ווי צאהל (איינס, צוויי, דריי א. ז. וו.) און צאל (פאשלינע, אויך די מאס פון א צוועלפטעל פוס), שאטען (פון שיין) און שטן (טייפעל), וואארע (סחורה) און ווארע (וועג), טהיער (חיה) און טהיר (אין א הויז), א. ז. וו. נור אין אזעלכע האמאנימען איז באזאנדערס רייך די ענגלישע שפראך. למשל: air (לופט), hair (האאר), hare (האז) און heir (יורש) האבען אייגענטליך איין קלאנג.

די מייסטע און וויכטיגסטע האמאנימען זיינען אזעלכע, וואס זיינען צווייִדייטיג אי אין קלאנג אי אין אויסלעגען, דאס הייסט: זיי אונטערשיידען זיך ניט בשעת מען רעדט זיי ארויס און בשעת מען שרייבט זיי אויף. אלס ביישפיעלען וועל איך דא ברענגען פאלגענדע האמאנימען: שטערן (אויפ'ן הימעל) און שטערן (אויפ'ן קאפ), גערוכט (צו משפט'ן) און געריכט (צום עסען), גרייז (א זקן) און גרייז (א פעהלער), געריכט (א שיר) און געריכט (ניט שיטער), וועגען (דרכים) און וועגען (וויף א וואג), בויגען (א בלעטעל פאפיר) און בויגען (פון א פייל־און־בויגען), א. ז. וו., א. ז. וו.

איניגע אזעלכע צווייִדייטיגע ווערטער זיינען ארויסגע־קומען צופעליג אדער דורך אן אפשטאמונג פון פארשיעדענע שפראכען; אנדערע זיינען ענטשטאנען דורך דעם, וואס דער זין איז איבערגעגאנגען פון איין זאך אויף אן אנדערער דורך פארגלייך, אדער דורך א צושפרייטונג פון דער ערשטער באַ־דייטונג.

למשל, ווען מיר זאלען זאגען „מאכען א מינע“, וועלען מיר דארפען געבען מיט עפעס צו פארשטעהן, וואס פאר א „מינע“ מיר האבען דערביי אין זינען, אויב א גרוב אדער א זשעסט, מימיק. די אפשטאמונג פון דעם ווארט „מינע“ איז א פאר־שיעדענע איןביידע פעלע.

אלס ביישפיעל פון איבערטראגונגען און צושפרייטונגען פון באדייטונגען פון ווערטער איז גענוג צו ברענגען דעם טערם „פוס“. אורשפרינגליך האט מען מיט דעם דאזיגען ווארט באַ־צייכענט א פוס פון א מענשען אדער פון א חיה; אבער אזוי ווי דער דאזיגער גליעד איז געברויכט געווארען אלס א מאס פון לענג זייט מענשען האבען איבערהויפט שכל געקראגען צו מעס־טען, האט מען טאקע דעם זעלבען ווארט אנגעפאנגען צו גע־ברויכען אלס מאס פון לענג. נאכהער האט מען שוין צושפרייט דורך אנאלאגיע (פארגלייך) דעם זינען פון דיזען ווארט אויף א „פוס“ פון א טיש, פון א שטוהל, פון א בארג, א. ז. וו.

אזוי איז עס מעהר אדער ווייניגער מיט די מייסטע גע־ברויכליכסטע נאמענסווערטער אין אלע שפראכען, ווי יעדער איינער קען עס אליין אויסגעפינען, ווען ער זאל נור נאכדענקען וועגען זייערע אורשפרינגליכע און, זא צו זאגען, צוגעוואקסענע באדייטונגען. דער באריהמטער שפראך־פארשער מאקס מיולער האט געצייגט, ווי אזוי עס זיינען אויסגעוואקסען פון איניצע ווארצעל־ווערטער גאנצע, מעג מען זאגען, וועלדער מיט פיעל־געצווייגטע ווערטער. דער מערקווירדיגסטער און אינטע־רעסאנטעסטער פון זיינע ביישפיעלען איז מיט'ן לאטיינישען ווארצעל־ווארט אדער שרש „ספעק“, וואס זיין אורשפרונגליכע באדייטונג איז געווען „זעהען“. אט פון דעם דאזיגען ווארצעל זיינען מיט דער צייט ארויסגעקומען, לויט א רעכנונג פון פרא־פעסאר דזשעוואנס, ניט ווייניגער פון 246 ווערטער אין דער ענגלישער שפראך.

אויך אין אונזער מאמע־לשון האבען מיר א היבשע צאהל ווערטער פון דעם זעלבען שרש „ספעק“, ווי ספעקטאקעל, ספעקולאטאר, ספעציעל, ספעציאליטעט, ספעציאליסט, ספעציפיצירען, ספעקולירען, ספאקולען, ספאקטיוו, ספעקטער, אינספעקטאר, אינספעקטירען, פראספעקט, רעספעקט, עקספעקטען (ערווארטען), סוספעקטען (פארדעכטיגען), פערספעקטיווע, א. ז. וו., א. ז. וו.

מיר האבען אזוי אנגעוויזען אין די פאריגע צוויי ארטיקלען אויף די פאלגענדע זיבען וויכטיגע צוטיילונגען פון טערמס אדער ווערטער פון א שפראך:

1) קאטעגארעמאטישע און סינקאטעגארעמאטישע.
2) אלגעמיינע און איינצעלנע.
3) קאלעקטיווע און דיסטריבוטיווע.
4) קאנקרעטע און אבסטראקטע.
5) פאזיטיווע און נעגאטיווע, ווי אויך פריוואטיווע.
6) רעלאטיווע און אבסאלוטע.
7) איינדייטיגע און צווייִדייטיגע.

אין אונזער אידישער שפראך האבען מיר נאך א היבשע צאהל נעמען, וואס מעגען גערופען ווערען דאפעלטע, ווי למשל: מלחמה און קריעג, קרבן און אפפער, נשמה און זעעלע, גוף און קערפער, מדבר און וויסטעניס, א. ז. וו. אזעלכע דאפעל־ווערטער זיינען ארויסגעקומען דורך דעם גע־ברויך פון ווערטער פון פארשיעדענע שפראכען, ספעציעל די העברעאישע און די דייטשע.

מען קען זיי דאך ניט רעכענען פאר סינאנימען, אבוואהל זיי האבען פארשיעדענע קלאנגען און די זעלבע באַ־דייטונג. געוועהנליך האבען סינאנימען בלויז עהנליכע באדייטונגען, זא דאס מען קען זיי ניט געברויכען שטענדיג און אין אלע פעלע איינע אנשטאט די אנדערע. אט, צום ביישפיעל, די ווערטער פיינקייט, גוטסקייט, אדעלקייט זיינען סינאנימען, אבער מען קען זיי ניט אלע מאל געברויכען איינע אנשטאט די אנדערע. זיי אונטערשיידען זיך דאך מיט עפעס אין זייער באדייטונג. אדער נעהמט די ווערטער העל־קייט, ליכטיגקייט, שיין, גלאנץ, פראכט, א. ז. וו. דאס זיינען אלץ סינאנימען, נור מיט געוויסע שאטירונגען, מיט געוויסע אונטערשיעדען. מאנכעס מאל קען מען זיי געברויכען איינע אנשטאט די אנדערע און מאנכעס מאל ניט. און ווען מען זאל זיך ניט רעכענען מיט די דאזיגע שאטירונגען און אונטערשיעדען, קען מען גאר ניט רעזאנירען ריכטיג און לאגיש.

אבער אזעלכע ווערטער ווי גוף און קערפער זיינען טאקע ניט מעהר ווי צוויי ווערטער פאר איינע און די זעלבע זאך. ווי ווייט איך קען אידיש, ווייס איך ניט פון עפעס אן אונטערשיעד אין דער באדייטונג פון די ווערטער: נשמה און זעעלע, לחם און ברויט, בשר און פלייש, א. ז. וו. איך וואלט זיי דארום אנגערופען דאפעלטע. נור אין אזעלכע איינצעלהייטען וועגען ווערטער קען איך זיך דא ניט אריינלאזען. איך וועל עס איבערלאזען צו די צוקינפטיגע אידישיסטישע גראמאטיקער און אויך צו די צוזאמענשטעלער פון אזעלכע סינאנים־ווערטערביכער, ווי ביי די אומות העולם מיט ליטעראַרישע שפראכען.

# הונדערט און איינס פּראָצענט

פון י. ב. ביילין

הונדערט און איינס פּראָצענט וואַליואַיישאַן! נאָך מיט פּאָינטס, איף יו פּליעז. אַזוי האָט אונז געמאָלדען אונזער עקטשוערי.

אויף יעדען איינציגען דאָלאַר, וואָס מיר האָבען זיך מתחיב געווען אויסצוצאָהלען, האָבען מיר דעם דאָלאַר מיט נאָך אַן איבעריגען סענט.

הונדערט און איינס פּראָצענט!

הונדערט פּראָצענט איז גענוג.

וואָס דאַרף דען נאָך מעהר אַן אינשורענס־קאָאָפּעראַציאָן האָבען ווי צו פּאַרמאָגען אַזוי פיעל, אַז זי זאָל אימשטאַנד זיין פּינקטליך אויסצוצאָהלען אַלע געזעצליכע פּאָליסים, וואָס וועלען צו איהר פּרעזענטירט ווערען אויסצוצאָהלען?

אָבער מיר האָבען איבער גענוג.

עס איז אַן אַלטע, אָבער שעהנע אידישע טראַדיציע: „לפנים משורת הדין!"

מעהרער טאָן ווי מ'האָט צוגעזאָגט.

נאָך מעהר פּאָרזיכטיג זיין ווי די פּאָרזיכטיגקייט אַליין!

צי מיר דאַרפען שטאָלץ זיין מיט דעם?

פרעגט דעם ריעזען־טורעם, וואָס זיין שפּיץ ברעכט אַדורך די וואָלקענס, צי איז ער שטאָלץ מיט דעם, וואָס ער קוקט אַראָפּ פון הויכקייטען אויף די קליינע צווערגען אַרום איהם... פרעגט דעם שלאַנקען הויכען צעדער, ווי ער פּיהלט אין דער קאָמפּאַניע פון געבויגענע און איינגעקורטשעטע בעריאָזקעס...

הונדערט און איינס פּראָצענט וואַליואַיישאַן!

ווען אימיצער וואָלט עס אונז געזאָגט מיט עטליכע יאָהר פריהער, איידער מיר האָבען איינגעפיהרט די „פּראַטווירנאַל־רייטס", אַז מיר וועלען עס אַמאָל האָבען, וואָלטען מיר מסתמא פאַר איהם באַשלאָסען צו גרינדען אַ סאַניטאַריום פאַר משוגעים. אַזוי ווייט האָט עס אויסגעזעהן.

און יעצט?...

צי איהר זייט געוועזן פאַר „פּראַטווירנאַל רייטס", צי געגען, צי איהר זייט אַן אנהענגער פון דער יעצטיגער אַדמיניסטראַציע פון א. ר., צי נישט; צי אייך אינטערעסירען געוויסע אינסטיטוציעס אין א. ר., צי נישט — מוזט איהר אָבער פיהלען אַן אנגענעהמען שטאָלץ, וואָס אין אַזאַ קורצער צייט, אָהן קיינע לעסטיגע אַסעסמענטס, איז נישט נאָר וואָס מיר זיינען געוואָרען כשר לכל הדעות, נאָר ווען מיר וואָלטען אפילו פאַרלאָרען איין פּראָצענט, וואָלט עס אונז נאָך אַלץ נישט געטשעפּעט.

הונדערט און איינס פּראָצענט!

און דאָס נאָך גלייך נאָך אַ יאָהר, אין וועלכען מיר האָבען געהאַט, אַ דאַנק דער מגפה, צוויי און אַ האַלב מאָל מעהרער טויטענפעלע ווי אין דעם ערגסטען יאָהר.

און דאָס נאָך אין אַ צייט, וואָס אַנדערע עלטערע אָרדענס האָבען פאַרלאָרען די משקולות און פאַלען פון די פיס...

און דאָס נאָך אין אַ מאָמענט, ווען דער שטויב פון די צופאַלענע חורבות עסט אויס די אויגען, ווען פון די רעכער פון איין האַלבער וועלט שפּאַרט אַ רויך מיט פייער־צונגען און אונטער די פונדאַמענטען פון דער אַנדערער שווענקען מעכטיגע געוויסער־שטראָמען, וואָס רייסען אַלעס מיט זיך...

הונדערט און איינס פּראָצענט וואַליואַיישאַן!

דאָס באַשטעהט פון קאַלטען קעש אין די פאַרשיעדענע בענקס, פון סטאָקס, פון באָנדס, אינלענדישע און אויסלענדישע, פון באַוועגליכע גיטער און אונבאַוועגליכע, וואָס יעדער מענש מיט אויגען און מיט אַ חוש־המישוש קען עס זעהן און אָנטאַפּען. פּראָזאַ. אָבער וואָס פאַר אַ פּאָעטישע פּראָזאַ!

* * *

און אויב איהר ווילט ליגט נאָך אויך אַן אַנדער זין אין אָט דער הויכער וואַליואַיישאַן.

געלט איז נאָך אַלעמען נאָך נישט אַלעס. ראָקעפעלער'ס מאַטעריעלע וואַליואַיישאַן מוז געוויס זיין מעהרער ווי 101 פּראָצענט... אָבער בעט אונז אַ דורכגעלעכערטע פּעני פאַר זיין נשמה, וועלען מיר זיך נאָך מישב זיין...

ווי האַלט עס עפּעס מיט אונזער גייסטיגע וואַליואַיישאַן? צום באַדויערען איז אונזער עקטשוערי אַ גאַנץ גוטער גוי, אָבער פּאָרט אַ גוי... ער האָט פאַר אונז דעם חשבון נישט געמאַכט — וועלען מיר עס פּרובען מאַכען אָהן איהם...

מיר האָבען אין אָט דעם ערשט־פאַרגאַנגענעם קאָנווענשאָן־יאָהר אַדורכגעפיהרט דירעקט פון אונזער עדיוקיישאָנאַל דעפּאַרטמענט לעקטשורס אין דריי און זעכציג שטעדט. האָבען עס אַ סך אַנדערע אידישע אָרדענס אַדורכגעפיהרט?

מיר האָבען אין דעם זעלבען יאָהר פאַרשפּרייט צווישען אונזערע מיטגליעדער אַרום פינף און דרייסיג טויזענד פּאָפּולער וויסענשאַפטליכע ביכער פאַר אַ פּרייז, וואָס קיין אַרויסגעבער וואָלט עס פאַר זיך נישט געקענט פּראָדוצירען. נאָך אַמאָל פינף און דרייסיג טויזענד ביכער! האָבען עס אַ סך אידישע פּראָפעסיאָנעלע קולטור־פאַרשפּרייטער געטאָן ביי אונז, ווער רעדט שוין פון אָרדענס?

מיר האָבען אַרום זעקס הונדערט טויזענד עקזעמפּליאַרען פון אונזער זשורנאַל, אין וועלכען דער אַרטיקעל איז געדרוקט, דורכ'ן יאָהר פאַרשפּרייט, אין וועלכען עס זיינען געדרוקט געוועזן צעהנדליגע אַרטיקלען איבער פּאָליטישע, סאָציאַלע, וויסענשאַפטליכע און היגיענישע פראַגען, אויסער לאַנגע רייהע ליעדער, ערצעהלונגען, סקיצען, פעליעטאָנען א.א.וו.

מיר האָבען סובסידירט און טיילווייז אינגאַנצען אויסגעהאַלטען אַכט א. ר. קונסט־אינסטיטוציעס.

מיר האָבען אָרגאַניזירט צעהן א. ר. קינדער־שולען, אין וועלכע עס לערנען זיך שוין אַרום פופצעהן־הונדערט קינדער, און נאָך פופצעהן האַלטען זיך אין עפענען וואַרטענדיג נאָר אויף לעהרער.

וויפיעל אידישע אָרדענס קענען אָנווייזען אויף אַזאַ רעקאָרד פון קולטור־אַרבייט?

הונדערט און איינס פּראָצענט!

מיר האָבען צוגעזאָגט צו שאַפען דעם יאָהר פינף און צוואַנציג טויזענד דאָלאַר פאַר די אידישע קרבנות פון מלחמה און פּאָגראָמען — און מיר האָבען מיט אונזערע בלוטיגע קוואָדען געזאַמעלט מיט צוויי טויזענד דאָלאַר מעהרער וויפיעל מיר האָבען צוגעזאָגט...

מיר האָבען זיך גענומען פאַר אַ מיטגליעדער־קאַמפּיין. נאָר 70 טויזענד און געשאַפען... מיט צוויי טויזענד מעהרער...

אונזער גענעראַל עקזעקוטיווע רופט אונז יעצט פאַר צוואַנציג טויזענד נייע מיטגליעדער. און פאַר פופציג טויזענד דאָלאַר פאַר די מלחמה קרבנות, און — „ביי גאַללי", מיר וועלען אויך דעם מאָל ווייזען, אַז מיר זיינען הונדערט און איינס פּראָצענט ריינע, אויסגעלייטערטע, אויסגעפּרובטע הונדערט און איינס פּראָצענט...

# אויף א נייעם וועג

פון עקיבא ברוידעס

אין די סאציאליסטישע קרייזען דעבאטירט מען יעצט שטארק די פראגע וועגען ענדערען די פראגראם און די טאקטיק פון דער סאציאליסטישער פארטיי. די ענדערונגען דארפען זיין אין דער ריכטונג פון מעהר ראדיקאליזם נאטירליך. אזוי איז שוין דער דרך־העולם היינטיגע יאהרען. די מלחמות, וועלכע האבען נאך ניט אויפגעהערט, און די רעוואלוציעס, וועלכע האבען זיך אייגענטליך ערשט אנגעפאנגען, האבען שארפער געמאכט דעם קלאסען־קאמף אומעטום, דא אויך. די ריידערייען וועגען די „אידעאלען", פאר וועלכע די פעלקער האבען געקעמפט, זיינען געווען די לעצטע ביסעל דאמף, דער בלויזער שוים, פון די פראגרעסיווע שטרעבונגען פון דער בורזשואזיע אין דער גאנצער וועלט. דורך די היבשע פאר דורות, וואס די בורזשואזיע פון דער וועלט האט געקעמפט פאר פראגרעס און איז ווירקליך געגאנגען פאראויס, האט זי אנגעקליבען א גרויסען זאפאס ווערטער וועגען אלערליי „פרייהייטען" און „גלייכהייטען" און „גערעכטיגקייטען", און האבש זי אליין האט שוין אומעטום געקראגען וואס זי האט געפאדערט פון די אלע מינים ליבעראליזם, האט זי מיט דעם זאפאס ליבעראלע ווערטער ניט אויפגעהערט צו באנוצען זיך, גאר אנשטאט זאכען פאר'ן אייגענעם געברויך, האט זי זיי פארהאנדעלט און זאכען מיט וואס צו מסחר'ן... ניט נאר דאס: די בורזשואזיע פון דער גאנצער וועלט האט אנגעפאנגען צו פארדראסטעווען די אלע גוטע זאכען, צו וועלכע זי האט אמאל געשטרעבט אין דעם נאמען פון דער „גאנצער מענשהייט" און, נאכדעם ווי זיי זיינען געווארען וואריעב, האט זי זיי קאנצענטרירט אין די הענד פון „די פארטרויענסווערטסטע". „פרייהייטען", „גלייכהייטען" און „גערעכטיגקייטען" זיינען געווארען זאכען, וועלכע מען טיילט אויס צווישען עולם זעהר און זעהר פארזיכטיג. די בורזשואזיע האט זיך גענומען ענערגיש „צוריקצוציהען פון דעם מארקעט" איהר סטאק ליבעראליזם און וואס ווייטער ווערט עס קלארער, אז דער וועג צום פראגרעס איז פאר דער בורזשואזיע געענדיגט און יעצט געהט זי צוריק. צוליעב שלום־בית און אום צו זיין זיכער מיט דער „עזר־כנגדו" האט שוין אפילו פראנקרייך ערלויבט די פרויען צו באטייליגען זיך אין מוניציפאלע וואהלען; מעגליך אז די ווייבער וועלען ווערען נאך מעהר „גלייך" מיט די מענער — אבער עס איז געווארען קלאר, אז דאס איז דאס בעסטע, וואס מען קען פון דער בורזשואזיע נאך ערווארטען.

די ארבייטער האבען געהערט, געהערט און געהערט די אלע רעדרייען און האבען זיך אם ענדע ארומגעקוקט, אז פאר זיי מיינען די פראזען גארניט; אז, אלענפאלס, די גוטע זאכען, אפילו אויב זיי זיינען גוט, זיינען זיי ניט פאר זיי, פאר די ארבייטער, געמיינט געווארען. אויסער דעם האבען זיי זיך ארומגעקוקט, אז פאר זיי, אלס ארבייטער, איז דער עיקר גאר גאנץ אנדערש ווי די ליבעראלע מאכלים.

דער אונטערשייד צווישען דעם, מיט וואס די בורזשואזיע מיט איהר הערשאפט קען די וועלט באזארגען, און דעם, אין וואס די וועלט נויטיגט זיך ווירקליך, איז געווארען אזוי גרויס, אז די מאסען האבען זיך ערנסט גענומען קעמפען פאר זייערע ווירקליכע לעבענס־אינטערעסען. די סאציאליסטישע ארבייטער פארטייען זיינען כמעט אומעטום די אנפיהרער פון דעם דאזיגען קאמף.

ביז דער מלחמה זיינען די פראגראמען פון די סאציאליסטישע פארטייען אומעטום באשטאנען, אלס א כלל, פון דריי טיילען.

וואו נאר די בורזשואזיע איז געווארען דער ווירקליך הערשענדער קלאס, האט זי אנגעוויאירען דעם חשק צו אנטוויקלען „פרייהייטען", וועלכע זי האט פרינציפיעל אנערקענט און פאר וועלכע זי האט אמאל אליין געקעמפט, אזוי, אז אויך די מאסען פון דער באפעלקערונג זאלען פון זיי געניסען. די סאציאליסטישע פארטייען האבען דעריבער געמוזט *פארענדיגען* די קלאסען־אויפגאבען פון דער בורזשואזיע. דארט וואו די בורזשואזיע האט זיך נאך ניט דערשלאגען צו איהרע ליבעראלע פאדערונגען, האבען די ארבייטער, אלס איינער פון די אינדוסטריעלע קלאסען, געהאלפען איהר אין דעם קאמף פאר „דעמאקראטיזם", וועלכער שאפט א פרייען באדען פאר א ריין פראלעטארישען קאמף. דאס האט זיך אויסגעדריקט אין די פראגראמען פון די סאצ. פארטייען.

דער צווייטער טייל פון די פראגראמען איז באשטאנען פון פראקטישע פאדערונגען צו העלפען די ארבייטער צו באפעסטיגען זיך אין זייערע פאזיציעס אלס א קלאס, וועלכער אנערקענט די אויבערהערשאפט אין די אינדוסטריען פון דער בורזשואזיע און וועלכע פאדערט אבער די אפשאפונג פון יענע באדינגונגען אין דעם אינדוסטריעלען לעבען, וואס גיבען צו דער דאזיגער אויבערהערשאפט א כמעט פעאדאלען כאראקטער. דער קאמף פון די ארבייטער פאר די דאזיגע פאדערונגען איז געווען און בלייבט נאך א קאמף פון בלויזער פארטיידיגונג. א קורצער ארבייטס־טאג, בעסערע לעבענס־באדינגונגען א. א. וו. זיינען זאכען, וועלכע ריהרען פרינציפיעל ניט אן די פראגע וועגען רעכטע פון דער בורזשואזיע אלס די באלעבאסטע פון די מאטעריעל־פראדוקטיווע כחות פון דער געזעלשאפט. די דאזיגע רעכטע זיינען די גרעניצען צווישען די צוויי קלאסען. דער ארבייטער־קלאס האט נאך ניט געהאט די כחות און די חוצפה צו אטאקירען די דאזיגע גרעניצען. ער האט נאר געקעמפט צו פארטיידיגען זיין אייגענעם געביעט, זיין אייגענעם באדען און גרעניצען: די ארבייטער אלס ארבייטער און אלס מיטגליעדער פון א דעמאקראטישער געזעלשאפט, וואו יעדער איינער איז אינדיווידועל א *מעגליכער* קאפיטאליסטישער אייגענטימער, א בורזשוא.

אפילו דער זארט פאדערונגען אין די פראגראמען פון די סאציאליסטישע פארטייען, הגם זיי ריהרען נאר דירעקט אן די אינטערעסען פון די ארבייטער און די ארימערע מאסען און זיינען געגען די אינטערעסען פון די איינצעלנע קאפיטאליסטען, זיינען אבער בעצם ניט געגען די קלאסען־אינטערעסען פון דער בורזשואזיע; זיי זיינען ניט מעהר ווי אויסבעסערונגען פון דער בורזשואזער געזעלשאפט גופא. זיי ווערען ניט געמאכט פון די ארבייטער אלס א קלאס, וועלכער איז *פרינציפיעל* געגען דער יעצטיגער ארדנונג אלס א גאנצעס.

דער דריטער טייל פון די סאציאליסטישע פראגראמען באשטעהט געוועהנליך פון דאס, וואס מיר קענען אייגענטליך רופען סאציאליסטישע פאדערונגען. אבער גראדע דער דאזיגער טייל פון די סאציאליסטישע פראגראמען פלעגט ביז יעצט זיין דער שוואכסטער; ערשטענס צוליעב דעם, וואס ער פלעגט שטענדיג טראגען דעם כאראקטער פון א דעקלאראציע וועגען א ווייטער צוקונפט. צווייטענס, וואס ער איז קיינמאל ניט געווען באשטימט און דעטאליזירט גענוג. ער האט געהאט מעהר א נעגאטיווען כאראקטער ווי א פאזיטיווען. די פראזע אין דעם דאזיגען טייל וועגען „איינפיהרען א סאציאליסטישע ארדנונג" האט געמאכט דעם איינדרוק פון א אידעאליסטישער פראזע, פון א „לשנה הבאה בירושלים", און אלס אזעלכעס האט זי פיליכט געהאט די קראפט צו באגייסטערען, אבער ניט צו באוועגען מענשען צו טאן ווירקליכע ארבייט.

די ערשטע צוויי טיילען פון די סאציאליסטישע פראגראמען פלעגען געוועהנליך באצייכענט ווערען אלס „באלדיגע פאדערונגען" ניט אזוי צוליעב דעם, כדי די בורזשואזיע זאל מיינען,

אז אויב מען וועט זיי באַלד ניט נאָכגעבען, וועלען די „רעדער פון די אינדוסטריען" תיכף אָפּגעשטעלט ווערען, נאָר אונטער־צושטרייכען, אַז דער דריטער טייל, ד. ה. די ווירקליך סאָציאַליסטישע פונקטען פון די פּראָגראַמען, זיינען זאַכען, צוליעב וועלכע „רוה און אָרדנונג" וועלען אין דער קאַפּיטאַליסטישער משפּחה ניט געשטערט ווערען, אַז דאָס איז ניט מעהר ווי פּראָפּאַגאַנדאַ.

די אונבאַשטימטקייט פון דוקא דעם סאָציאַליסטישען טייל אין די סאָציאַליסטישע פּראָגראַמען איז ארויסגעקומען צוליעב צוויי סבות. ערשטענס האָבען אפילו די רעװאָלוציאָנערסטע מאַרקסיסטען געדענקט, אַז די אמת'ע גאולה איז נאָך גאַנץ ווייט; „דער קאַפּיטאַליזם איז נאָך ניט גענוג אַנטוויקעלט, ער זאָל זיך אַליין פאַרניכטען"; צווייטענס דערפאַר, וואָס אונזערע באַגריפען וועגען די „דרכים פון דער רעוואָלוציע", זיינען געווען ביז יעצט פּשוט ניט קלאָר. דער איינציגער, וועלכער האָט געפּרופט ספּעקולירען וועגען דעם, וואָס וועט פאָרקומען „אויף מאָרגען, נאָך דער רעוואָלוציע", קאַוטסקי, האָט זיך מעהר אָפּ־געגעבען מיט דערצעהלען וועגען זיינע ספקות, ווי וועגען די זאַכען, וועגען וועלכע מען וואָלט געקאָנט זיין זיכערער. (ער איז געווען אַזוי וויסענשאַפטליך פאָרזיכטיג, אַז ווען ער איז גע־קומען צו „ברי ושמא" איז ביי איהם געווען ניט „ברי עדיף", נאָר „שמא עדיף"; ער איז געווען זיכערער מיט זיינע ספקות ווי מיט וואָס אַנדערש.)

פאַר די לעצטע פאַר יאָהר האָט זיך די לאַגע אין דער וועלט אַנטשיידען געענדערט. צי דער קאַפּיטאַליזם האָט זיך שוין אַנטוויקעלט גענוג פאַר די קאַפּיטאַליסטען, צי ניין, האָט ער שוין אָבער אָנגעפאַנגען זיך אַליין צו פאַרניכטען. דאָס איז גאַנץ קלאָר אפילו פאַר די באַשיצער פון געזעץ און אָרדנונג. עס איז ניט דער עסק יעצט פון דעם ארבייטער־קלאַס צו „שטופּען די בורזשואַזיע פאָראויס", נאָר צו שטופּען זי צוריק, וואוהין זי האָט זיך שוין אַליין אָנגעהויבען קייקלען. מיר דאַרפען יעצט העלפען דעם פאַרניכטונגס־פּראָצעס, ניט דעם פּראָצעס פון אַנטוויקלונג. בויען דאַרפען מיר אַ סאָציאַליס־טישע אָרדנונג, ניט קיין גוט „איינגעריכטעטע דעמאָקראַטישע געזעלשאַפט". אויב עס איז פריהער געווען אין אונזערע איג־טערעסען ארויסצושטעלען „באַלדיגע פאָדערונגען", כדי צו צווינ־גען די בורזשואַזע פּאַרטייען זיי זאָלען ביי אונז גנב'ענען, האָט שוין אָבער יעצט פאַר אונז אַזאַ שפּיעל קיין זינען ניט. ער־שטענס דערפאַר, וואָס די גנבים האָבען זיך ארומגעקוקט, צו פריה פיליייכט, אַז אַזוינע גנבות לוינט זיך פאַר זיי לחלוטין מעהר ניט. עס הייבט אָן צו טאָגען און דער גנב האָט שוין מעהר קיין זאַך ניט אין זינען אויסער צו ראַטעווען זיך און אַנטלויפענדיג וואַרפט ער אַוועק דאָס ביסעל אָנגע'גנב'עטע, וואָס איז פאַר איהם געוואָרען ניט מעהר ווי אַ משא, וואָס שטערט איהם אין זיין געלויף אין באַהעלטניש אריין.

דאָס איז דער געדאַנק־גאַנג פון די, וועלכע פאָדערען ראַדי־קאַלע ענדערונגען אין די סאָציאַליסטישע פּראָגראַמען.

די „באַלדיגע פאָדערונגען", יענע צוויי טיילען אין די סאָ־ציאַליסטישע פּראָגראַמען, וועלכע זיינען געווען באַגרינדעט אויף דעם געדאַנק, אַז די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען דאַרפען העלפען אַנטוויקלען די בורזשואַזע אָרדנונג, דאַרפען שטופּען דעם קאַ־פּיטאַליזם פאָראויס אויף אַזוי פיעל וויפיעל דאָס איז נוצליך פאַר די ארבייטער אַלס אַן אונטערדריקטער קלאַס, מוזען יעצט אָפּטרעטען זייער פּלאַץ פאַר דאָס, וואָס איז ווירקליך סאָציאַ־ליסטיש אין די דאָזיגע פּראָגראַמען. ביז יעצט איז ביי אונז דער עיקר געווען אַ תפל און דער תפל איז געווען אַן עיקר. יעצט מוזען זאַכען געשטעלט ווערען אויף זייערע ריכטיגע פּלע־צער. מיר דאַרפען איבערקעהרען, אויסגלייכען דעם עולם הפוך, די פאַרקעהרטע וועלט. די „באַלדיגע פאָדערונגען" האָבען גע־זאָלט דיענען דעם זעהר נויטיגען צוועק צו האָבען עטוואָס באַ־שטימטעס, מיט וואָס צו קומען צו די מאַסען אין אונזער אַגי־טאַציע און פּראָפּאַגאַנדאַ. די ריין סאָציאַליסטישע אויסדרוקען אין אונזער לעבען און פּראָגראַם זיינען ביז אהער געווען נאָך צו אונבאַשטימט, זיי זאָלען קאָנען צוציהען צו די סאָציאַליס־טישע פּאַרטייען די ברייטע, רעוואָלוציאָנערע, אָבער פינסטערע און דערשלאָגענע מאַסען. יעצט אָבער איז דער סאָציאַליזם גופא שוין געוואָרען גענוג באַשטימט אין זיינע פּראַקטישע פאָרמען און אויסדרוקען, אַז ער זאָל קענען דיענען זעהר גוט דעם דאָזיגען העכסט וויכטיגען צוועק. די סאָציאַליסטישע פּאַר־טייען קענען שוין פאָרמולירען, באַשטימט באַצייכענען די שריט און די דרכים פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע. מיר ווייסען שוין וואָס איז „מוקדם" און וואָס איז „מאוחר" ניט נאָר אין דער סאָציאַליסטישער תורה, נאָר אויך אין דער סאָ־ציאַליסטישער פּראַקטיק. די ערפאַהרונגען פון רוסלאַנד, פון אונגאַרן, פון דייטשלאַנד, פון ענגלאַנד, פון קאַנאַדאַ אפילו, זיינען שוין גרויס גענוג, מיר זאָלען זיך פון זיי קענען עפּעס אָפּלערנען. זיי לערנען אונז ביידע זאַכען: ווי צו אָרגאַניזירען די מאַסען און ווי צו שאַפען אַ סאָציאַליסטישע אָרדנונג, וואָס בסך־הכל מיינען זיי איינס און דאָס זעלבע.

די ראַדיקאַלע ריכטונג אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי דאָ אין אַמעריקאַ פאָדערט, אַז די פּאַרטיי זאָל אָפּשאַפען די זאָגענאַנטע „באַלדיגע פאָדערונגען". דאָס מיינט אָבער ניט, אַז מיר זאָלען זיך בכלל אָפּזאָגען פון באַשטימטע פאָ־דערונגען. דאָס איז איינענטליך וואָס מען האָט געמיינט מיט דעם וואָרט „באַלדיגע". ווען מען האָט די „באַלדיגע פאָדערונ־גען" ארויסגעשטעלט, האָט מען ניט ערוואַרטעט זיי זאָלען פאַר־ווירקליכט ווערען שנעלער, ווי מיר קענען יעצט ערוואַרטען די פאַרווירקליכונג פון דעם סאָציאַליזם גופא, אפילו ווען אַמעריקאַ, וועלכע איז, לויט דער מיינונג פון אונזערע „וויסענשאַפטליכע" געגאָסען, נאָך גאַנץ ווייט פון אַ סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע. די פאָדערונג פאַר „אינדוסטריעלער דעמאָקראַטיע", אפילו אין אַמעריקאַ, איז יעצט פיעל מעהר פּאָפּולער, ווי די פאָדערונג פאַר אַן אַכט־שטונדיגען ארבייטס־טאָג איז געווען אין דייטשלאַנד מיט צוויי דורות צוריק, און די וועלט געהט יעצט בכלל פיעל שנעלער פאָראויס ווי אין יענע יאָהרען. די צייט איז שוין דאָ ווען דער ארבייטער־קלאַס קען אריבערגעהן פון אַ קאַמף פון פאַרטיידיגונג, וועלכע אָנערקענט די גרעניצען פון קאַפּיטאַליס־טישער הערשאַפט, צו אַ קאַמף פון עראָבערונג; ער קען שוין ארויסשטעקען די קאָפּ פון די גראָבענס און אָנפאַנגען אַן אָפּענ־סיווע, „אָווער דהי טאָפּ", געגען דער גאַנצער יעצטיגער אָרד־נונג. די פעסטונג פון פּריוואַט־איינענטום, פון קלאַסען־הער־שאַפט איז מעהר ניט שטאַרק גענוג געגען די מאָדערנע וואַפען פון דעם ארבייטער־קלאַס. עס איז די אויפגאַבע פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי די אַטאַקע אָנצופאַנגען. האָט זי דאָך שטענדיג געהאַט די תביעה אויף באַוואוסטזיניגע פיה־רערשאַפט פון דעם ארבייטער־קלאַס. אויב זי וועט יעצט ניט אויפנעמען דעם קאַמף, וועט זי מיט דעם אַליין באַווייזען, אַ זי איז קיינמאָל צו דער דאָזיגער פיהרערשאַפט ניט געווען באַ־רעכטיגט.

בעסי הערשפיעלד:

## גרויע נעבלען

גרויע נעבלען, גרויע נעבלען
אומעדום...
הענגט דאָס לעבען אין דער פינסטער
קאַלט און שטום...

גרויע נעבלען, גרויע נעבלען
אומעדום...
עמיץ אין דער פינסטער
בלאָנדזשעט אום...

עמיץ אין דער פינסטער
זוכט אַ וועג.
קומט צו אונז שוין שנעלער
פרייע טעג!...

# די יחסנ׳טע

(הומאָרעסקע)

פון לאה ק. האָפמאַן

ביי זינא׳ן אין הויז האָט געשמעקט מיט ערב „פּאַרדי“. די קיכלעך זיינען געשטאַנען אויפ׳ן טיש ערשט פון אויווען ארויסגענומען, די סענדוויטשעס מיט די זויערע אוגערקעס האָבען שוין אויך געוואַרט אויף עסערס, און זינא אליין האָט שוין נעטראָגען איהר זיידען קלייד גרייט אויפצונעהמען די געסט; איז זי ארויסגעגאַנגען אונגעדולדיג און זיך צוגעהערט צום טיר.

— דרינג! דרינג!

— אהאַ, מען געהט!

איז זינא געלאָפען צום טיר און אריינגעלאָזט איהר חבר׳טע קלאַרא׳ן.

— העלאָ זינא! קיינער איז נאָך ניטאָ? — האָט קלאַרא א פרעג געטאָן אומקוקענדיג זיך אויף די ליידיגע צימערען.

— ס׳אָרייט, ז׳עלען באַלד קומען. קום, טו אויס דיין מאַנטעל. ווייסט ווער ס׳וועט היינט זיין צו דער „פּאַרדי“? — איז זינא איבערגעגאַנגען אין א פרעהליכען טאָן.

— ווער?

— סאָניא אייזענשטאַט.

— טאַקע! — האָט קלאַרא אויסגעשריען מיט ענטציקונג און אזש א טאַנץ געטאָן פאַר שמחה.

אז נאָך געסט זיינען געקומען, האָט זינא זיי אויך דערצעהלט וועגען דעם גרויסען גאַסט וואָס זיי וועלען האָבען און יערעס מאָל, ווען מען האָט דערהערט א קלונג, האָבען זיך נייעריגע בליקען געווענדט צום טיר.

א טייל געסט האָבען איהר נאָך ניט געקענט און די זיינען ערשט געוועזען די ריכטיגע נייגעריגע, מחמת מען האָט זיי גענוג נדערצעהלט פון איהר.

— איך וויים ניט וואָס איהר מאַכט אזאַ וועזען פון סאָניא ייזענשטאַט — האָט א בלאָנדער בחור פּרובירט מורד זיין אין יהר און באַלד הרטה געהאַט, ווייל אלע האָבען אָנגעשטעלט יערע אויגען אויף איהם מיט אזאַ בייזקייט, אז ער איז אזש ארציטערט געוואָרען און פאַר צרות צוקנאַקט א ניסעל מיט י בלויזע הענט.

— וואָס זאמט זי זיך אזוי לאַנג? — איז איין גאַסט געוואָרען אונגעדולדיג. ער האָט איהר שוין געוואָלט אָנקוקען ויט זיינע אייגענע אויגען, שוין אזוי לאַנג זינט ער הערט אלץ ענען איהר און געזעהן האָט ער איהר נאָך ניט.

— לאָמיר דערווייל אָנגעהן מיט דער „פּאַרדי“! — האָט יינער אויסגערופען. — אנו, קלאַרא, גיט נאָר א זינג די מאַר־אַריטקעס, קאָם אָן!

האָט זיך קלאַרא געלאָזט אביסעל בעטען און זיך גענומען ערגען מיט די מאַרגאַריטקעס. איהר מענער־שטימע האָט גע־נגט און זי איז געשטאַנען ווי א געזונטער בעל־מלאכה און גע־אַרעוועט רעגעלמעסיג און מאָנאָטאָן, אז עס האָט אזש ארויס־נשלאָגען א שוויים פון הערען.

א קלונג אין טיר האָט איבערגעריסען דאָס געזאַנג.

— אהאַ, דאָס איז זי! — האָט זינא אויסגעשריען און ך געלאָזט צום טיר, נאָכגעפאָלגט פון אלעמענס נייגעריגע יקען.

געעפענט די טיר, איז דאָס גאָר געוועזען זינא׳ס מאַן, וואָס ז געקומען שפּעט פון דער ארבייט. זיינען אלע געבליבען טעהן ענטוישטע און זיך אויסגעדרעהט צו קלאַרא׳ן. האָט אַרא געענדיגט די מאַרגאַריטקעס און שוין געוואָלט אָנהייבען ך א ליעד, האָט אימיצער ארויסגעשלעפּט א שעהמעדיגען זור פון ערגעץ א ווינקעל און איהם וועקגעשטעלט רעקלאַמירען עלשטאַם׳ס „דאָקטאָר גראָן“, האָט דער בחור זיך אָנגעבלאָזען, נענומען וואָרפען און צאַפּלען, ביז ער איז אריין אין ריכ־טיגען עקסטאַז פון דעקלאַמאַציע. מיט אמאָל האָט א קלונג גע־טאָן, אלע האָבען זיך אויסגעדרעהט צום טיר, און דער דעקלאַ־מאַטאָר איז געבליבען שטעהן מיט אָן אָפען מויל, ציטערענדיג, ווי א באַהן, וואָס מען האָט אָפּגעשטעלט אין מיטען לויפען.

סאָניא אייזענשטאַט איז אריין.

דער באַלעבאָסטעס פּנים האָט אויפגעלויכטען פאַר פרייד.

— ס׳אָ׳רייט, ז׳עלען באַלד קומען. קום, טו אויס דיין מאַנטעל.

און זי האָט מיט גרויס עהרפורכט אריינגעפיהרט סאָניא׳ן אין איהר שלאָף־צימער אויסצוטאָן די גאַס־קליידער.

א הויכע, א דאַרע, אין א הויטער סאַמעטענער קלייד מיט א פּאָר גאָלדענע פענסנע און א פּאָר ברוינע לויפענדיגע אויגלעך אונטער זיי, דאָס איז געווען סאָניא אייזענשטאַט, דער וואונדער און שרעק פון דער געזעלשאַפט.

אז זי איז אריין אין „פּאַרטי“־צימער, האָט זיך יעדער אויפגעהויבען פאַר איהר און זי האָט זיך אויף קיינעם ניט אומגעקוקט, זיך געזעצט ביי׳ם טיש און באַלד געמאַכט א קריטישע באמערקונג וואָס מען האָט אָנגעלייגט אזוי פיעל קיכלעך, וואָס דער אבאַזשור פון לאָמפּ איז אַלטמאָדיש — אין אריסטאָקראַטישע הייזער זעהט מען ניט אזעלכע אבאַזשורען.

האָט יעדער מורא געקראָגען, אז זי וועט באַלד אויף איהם אויך אָפּזוכען עפּעס א חסרון און זיך גענומען אומקוקען צי איז אלעס אין אָרדענונג מיט איהם.

— איהר האָט אפשר א סיגאַרעט? — האָט זיך סאָניא געווענדט צו א מאַן קעגען איהר.

— אודאי, ווי דען? — האָט ער שנעל אָפּגעשמייכעלט און איהר דערלאַנגט א סיגאַרעט.

האָט זי זיך צוזעצט ברייט אויפ׳ן שטוהל, אריבערגעלייגט א פוס איבער א פוס און גענומען רויכערען מיט א שטאָלצער וואוילינגערישער מינע.

אלע זיינען אזש פאַרציטערט געוואָרען.

פון זינגען און דעקלאַמירען איז שוין געוועזען אָפּגערעדט, ווייל קיינער האָט ניט געוואַגט אָפּציהען דעם אָטעם, ווי אין א געוועהנליכער צייט.

— נעהמט עפּעס אין מויל אריין, פריילין אייזענשטאַט — האָט זיך די באַלעבאָסטע געבעטען ביי איהר ווי א פאַרשולדיגטע.

— ניין, א דאַנק, עסען איז א צו פּראָסטע זאַך, אז מענשען זאָלען זיך אריינטאָן אין דעם. וואָס וואָלט געוואָרען פון אונזער קולטור, אז מיר זאָלען נאָר טראַכטען פון עסען, איבערהויפּט ווען מען קומט זיך צוזאַמען אין געזעלשאַפט?

קיינער האָט איהר ניט געוואַגט צו ענטפערען, און די געשמאַקע שפּייזען אויפ׳ן טיש זיינען געשטאַנען און גערייצט די געסט ביז וואַהנזין, און זיי האָבען מורא געהאַט זיך צוצוריהרען דערצו: בלויז דער בלאָנדער בחור האָט זיך אלע מאָל גענומען ניסלעך פון טיש און געקנאַקט. נאָר אויף איהם האָט קיינער ניט געקוקט, מען האָט געוואוסט, אז דאָס איז א חברה־מאַן, וואָס גלויבט אפילו ניט אין ליעבע...

דער באַלעבאָסטע האָט גענומען וועה טאָן דאָס הארץ. זי האָט נעבעך אזוי פיעל געהאָרעוועט ביז זי האָט אזוי פיעל עסען אָנגעגרייט און קיינער עסט ניט. האָט זי זיך אָנגענומען מיט מוט און געבעטען די געסט זיי זאָלען עסען. ס׳איז אלץ אזוי געראָטען, פאַר וואָס זאָלען זיי דאָס לאָזען שטעהן?

נאָר ווער וועט דאָס זיין דער ערשטער צוצוריהרען זיך צום טיש?

האָט זינא נעבעך אליין געמוזט איינשטעלען דאָס לעבען און נעהמען א סענדווידזש. און די געסט האָבען שוין מעהר

# פּראָגראַם פון די ארבייטער רינג שולען

(א פּראָיעקט)

פון יעקב לעווין

מיט א האלב יאָהר צוריק אַן ערך האָט דער ארבייטער רינג געעפענט די ערשטע אידישע שולען זיינע. דער בילדונגס־קאָמיטעט („די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע") האָט דעמאָלט צוזאמען מיט א רייהע פּערזאָנען, וועלכע ער האָט געפונען פאר נויטיג איינצולאַדען, כדי מיט זיי זיך צו בּאַראַטען, אויסגעארבייט און אָנגענומען די גרונד־פּרינציפּען פון א פּראָגראַם פאר די ארבייטער־רינג שולען.

אָט די גרונד־פּרינציפּען באַשטימען בלויז די ריכטונג פון די שולען, דאָס ציעל, וועלכען זיי דארפען זיך שטעלען, דעם צוועק, וועלכען זיי דאַרפען שטרעבען צו דערגרייכען. אין זיי זיינען אָבער ניט אָנגעוויזען געוואָרען די מיטלען, דורך וועלכע מען קאָן די שטרעבונגען פאַרווירקליכען און דאָס ציעל דער־גרייכען. די לעהרער פון די שולען קאָנען אין זיי ניט געפינען דעם מאַטעריאַל, וועלכען עס איז נויטיג דורכצוגעהן מיט די קינ־דער, כדי יענע זאָלען קאָנען באַקומען די ידיעות, וועלכע ווערען געפאָדערט אין די פּרינציפּען, און די ערציהונג, וועלכע די פּרינ־ציפּען מערקען אָן.

דעמאָלט, מיט א האלב יאָהר צוריק, איידער שולען האָבען זיך נאָך נעהאַט געגרינדעט, איז אַזא פּרינציפּען־דערקלערונג געווען גענוג. איצט אָבער, ווען שולען עקזיסטירען שוין, לעהרער לערנען שוין דאָרט און דאַרפען וויסען גענוי, וואָס אייגענטליך דורכצוגעהן אין זיי מיט די קינדער, — איז די פּרינציפּען־דער־קלערונג מעהר ווי ווייניג. זי איז בלויז א כלי, וועלכע מען דאַרף ערשט אָנפילען מיט א קאָנקרעטען אינהאַלט. און באַזונדערס איז דאָס וויכטיג איצט, ווען ארבייטער־רינג שולען הייבען זיך אָן צו גרינדען אין דער פּראָווינץ, וואו די לעהרער קאָנען ניט קומען אין אַן אָפטער דירעקטער באַציהונג מיט'ן צענטער און באַקומען מינדליכע דערקלערונגען וועגען דעם אינהאַלט פון די לימודים אין די קלאַסען. און נאָך מעהר איז דאָס וויכטיג דער־פאַר, וואָס עס איז ווינשענסווערט, אַז אין אַלע שולען זאָל זיין אַן איינהייטליכע פּראָגראַם; ווייל אויף אַזא אופן וועט מעגליך זיין ביי דער צוזאַמענקונפט פון די שולען־פאַרטרעטער פון די ארבייטער־רינג שולען אין דער נאָהענטער צוקונפט אויסצו־טוישען מיינונגען, טיילען זיך מיט'ן ערפאַהרען און אריינטראָגען די ענדערונגען, וואָס זיינען נויטיג פאַר אַן ערפאָלגרייכער אר־בייט און אַנטוויקלונג פון די שולען.

מיר ווילען דאָ דעריבער געבען א פּראָיעקט פון א פּראָגראַם, א גענויער, דעטאַלער פּראָגראַם פון לימודים פאר די ארבייטער־רינג שולען, און וואָלטען רעקאָמענדירט, אַז די שולען זאָלען די פּראָגראַם אָננעמען און דורכפיהרען, כדי די לעהרער זאָלען קאָנען האָבען וועגען איהר א מיינונג ניט בלויז א טעאָרעטישע, נאָר אויך באַגרינדעט אויף ערפאַהרען, אויף פּראַקטישער באַ[...] נוצונג פון דער פּראָגראַם. איך וויל דאָ נאָך באַמערקען, אַ[...] אויף וויפיעל דאָס איז שייך די ערשטע צוויי יאָהר (די ערשטע[...] פיער האלב־יעהריגע קורסען) ווערט די פּראָגראַם, אַזוי אָדער [...] כמעט אַזוי ווי זי ווערט דאָ פאָרגעלעגט, דורכגעפיהרט אין דער [...] האַרלעמער אידישער ארבייטער־רינג שול.

## 1.

## קלאַסען

מיר דענקען, אַז דער קורס פון דער עלע[...] מענטאַרער אידישער ארבייטער־רינג שו[...] דאַרף זיין א פיער־יעהריגער, ווייל נאָר א[...] משך פון אַזא צייט וועט מעגליך זיין, אַז די קינדער, וועלכ[...] קאָנען פאַרברענגען ביי אונז אין שול בלויז א שעה־אַנדערט[...] האַלבען א טאָג, און לויט דעם איצטיגען מאַטעריעלען צושטאַנ[...] פון די שולען — אָפּטמאָל בלויז דריי טעג אין וואָך. — זאָלע[...] דורכגעהן דעם מינימום פון לימודים, וואָס א אידיש קינד פ[...] דער ארבייטער סביבה מוז קאָנען. ווייל פאַר אַלעמען פון אונ[...] איז קלאָר, אַז די שול האָט ניט אַלס איהר אויפגאַבע בלויז אויס[...] צולערנען די קינדער ווי עס איז צו לייענען און שרייבען אידי[...] (דאָס וואָלט געווען אַן ארבייט איינגאַנצען אויף עטליכע חדשים) אַז איהר אויפגאַבע איז אויך צו באַקאָנען דאָס קינד מיט[...] לעבען פון די אידישע מאַסען אין אַלע לענדער און מיט זייע[...] קאַמף פאַר בעסערע באַדינגונגען פון לעבען; מיט'ן לעבען פ[...] די ארבייטער בכלל און מיט זייער קאַמף פאַר א בעסערער צ[...] קונפט; מיט די בעסטע טיילען פון דער אידישער ליטעראַטו[...] און מיט די בעסטע קולטורעלע אידישע אוצרות בכלל, אויף ווי[...] פיעל זיי זיינען צוגענגליך פאַר קינדער פון דעם עלטער; מי[...] דער אידישער געשיכטע און מיט דער געשיכטע פון די פרייהייט[...] באַוועגונגען פון אַנדערע פעלקער. און אויף דורכצוגעהן דאָ[...] אַלץ איז פאַר א געוועהנליכען קינד נויטיג צו באַזוכען די ש[...] ווייניגסטענס פיער יאָהר, האָבענדיג אין דער שול ניט ווייניג[...] ווי פיער און א האַלב שעה א וואָך.

---

ניט געקענט אַריבערטראָגען און אויך גענומען צו סענדרווידזשעס.

אַז מען האָט ווי עס איז איינגעשטילט דעם הונגער, איז שוין צום וויין געגאַנגען ווי געשמירט, ווייל סאָניא אייזענשטאַט האָט זיך אָנגעגאָסען א גרויסע גלאָז מיט וויין און אויסגעטרונ־קען מיט איין זופּ. האָט דאָס געהייסען אַז וויין מעג מען טרינקען, און מען האָט זיך א לאָז געטאָן צום וויין ווי דורש טיגע וואַנדערער צו א ברונעם.

און אַז מען איז שוין געוואָרען שכור'ליך, האָט מען בּיס־לעכווייז פאַרגעסען אַז דאָ זיצט סאָניא אייזענשטאַט, און ס'איז געוואָרען לעבעדיגער.

דער בלאָנדער בחור האָט א מורמעל געטאָן שטיל ווי צו זיך:

— זי האָט זיך אָנגעטאָן א רויט קלייד אָפּצושרעקען די אינדיקעס...

— האַ? וואָס? — האָט זיין שכן געפרעגט.

— גאָרנישט — האָט ער געענטפערט און ווייטער געקנאַקט ניס.

די געסט האָבען זיך גענומען גרופּירען אין ווינקעלעך א[...] ריידען צווישען זיך אין דער שטיל וועגען סאָניא'ן, און די, וו[...] האָבען איהר געקענט, האָבען גענומען דערצעהלען וואונדער וו[...] גען איהר, אַז איהר בילדונג איז גאָר א געוואַלד, זי רעדט א[...] אידיש, אַז ס'איז גאָר קיין אידיש ניט. ס'איז פראַנצ[...] זיש. פון רוסיש איז שוין אָפּגערעדט. נאָר דאָס איז נ[...] גאָרנישט, מען זאָגט אַז זי קען זיך מיט דריי גרויסע שרייבע[...] זי איז אַליין געזעסען מיט זיי ביי א טישעל.

האָבען דאָס אונזערע ניט געוואָלט גלויבען, און די וו[...] האָבען עס יאָ געגלויבט, האָבען זייערע אויגען ניט געגלויבט[...] זיי זעהען איהר.

און אַז די „פּאַרדי" האָט זיך געענדיגט און די געסט זיי[...] אַהיים געגאַנגען, זיינען זיי א לאַנגע צייט שטאַלץ געווען [...] דעם געדאַנק, אַז זיי האָבען זיך באַקענט מיט סאָניא אייז[...] שטאַט, וואָס זי איז אַליין געזעסען ביי א טישעל מיט ד[...] שרייבער...

נים.

מיר דענקען אויך, אז דאס יאהר לערנען, וואס קאן אין דער ארבייטער־רינג שול רויערען ניט 10 מאנאטען, ווי אין פאבליק־סקול, נאר גאנצע 11 און א האלב (ווייל די שעה־אנדערהאלבען לערנען אין דער אידישער שול אליין ווערט פאר דעם אידישען קינד זומער־צייט גאר ניט זיין שווער און וועט פאר איהם פיליכט פיעל נוצליכער זיין, ווי דאס שטענדיגע ארומלויפען איבער די שטויביגע אנגעברענטע גאסען פון דער גרויסער שטאדט, און ווייל דער גרעסטער טייל פון די ארבייטער־קינדער פאהרען ניט ארוים אויף א „דאטשע" (זומער), אז דאס יאהר לערנען דארף איינגעטיילט ווערען אויף צוויי האלביעהריגע קורסען. דאס איז נויטיג צוליעב א גאנצער רייהע מאטיוועז, פון וועלכע מיר ווילען בלויז דערמאנען: דאס איבערהיפען פון זעהר פעהיגע קינדער, אדער פון קינדער, וועלכע זיינען אנגעקומען אין דער שול אין אן עלטער, וואס איז העכער, איידער דער דורכשניטליכער עלטער פון זייער קלאס; די נויטיגקייט פאר א קינד צו פיהלען, אז ער האט שוין עטוואס באוויעזן אויפצוטאן און קאן דעריבער איבערגעהן אין א העכערען קלאס.

מיר וואלטען דעריבער רעקאמענדירט, אז די איינטיילונג פון די קלאסען אין די ארבייטער־רינג שולען זאל זיין: א־1 (דאס ערשטע האלביאהר), א־2 (דאס צווייטע האלביאהר), ב־1 (דאס דריטע האלביאהר) א. א. וו. ב־2, ג־1, ג־2, ד־1 און ד־2. אויב עס זיינען פארהאן פאראלעלע קלאסען (מעהר ווי איין א־1 למשל), זאלען זיי הייסען: א־1־א, א־1־ב, א־1־ג א. א. וו.

.2

## פראגראם פאר'ן ערשטען יאהר

(פאר די קלאסען א־1 און א־2)

אין אט די קלאסען קאנען איצט זיין קינדער פון פארשיעדענסטען עלטער, ווייל די אידישע שול איז נאך א נייע; די מעהרהייט פון די אידישע קינדער, אפילו שוין די עלטערע, האט ביז איצט נאך גאר קיין אידיש ניט געלערנט. ביים איינארדנען די קלאסען איז נויטיג איינצוטיילען די קינדער לויט'ן עלטער, אזוי אז קינדער פון 9—12 יאהר זאלען ניט לערנען אינאיינעם מיט קינדער איינגערע, ווייל מיט עלטערע קינדער קאן מען דעם גאנצען קורס דורכגעהן שנעלער, וועניגער ווי אין פיער יאהר. די פראגראם אבער, וועלכע מיר שלאגען דא פאר, איז אויסגערעכענט פאר א נארמאלערער שול, וואו אינ'ם אנפאנגער־קלאס זיינען פארהאן קינדער פון 7—8 יאהר. מיט עלטערע קינדער וועט מען דעם זעלבען קורס, ווי שוין געזאגט, קאנען דורכגעהן שנעלער, מיט קינדער איינגערע (אין די שולען וואו קינדער ווערען אריינגענומען פאר 7 יאהר) וועט מען דעם קורס דארפען א ביסעל צעציהען.

דאס ציעל פונ'ם ערשטען יאהר לערנען איז:

א) אנטוויקלען די שפראך־פעהיגקייט פון די קינדער.

א סך קינדער קומען אן אין שול מיט זעהר אן ארימער אידישער שפראך, וועלכע איז נאך אין א גרויסער מאס געמישט מיט ענגליש; און א צאהל קינדער — הגם א קליינע אין אונזער געגענד — קאן גאר ניט רעדען קיין אידיש. מען דארף דעריבער וואס מעהר שמועסען מיט די קינדער, און דאס ערשטע האלבע יאהר, ווען דער לעז־מאטעריאל איז נאך זעהר ארים, קאן מען פאר אזעלכע שמועסען באשטימען ספעציעלע צייט און פיהרען זיי אדער אומאפהענגיג אדער אין פארבינדונג מיט די מעשה'לעך, וואס מען דערצעהלט די קינדער. מען דארף דערביי, פארשטעהט זיך, ניט וועניגער האבען אין אויג אויך די אלגעמיינע אנטוויקלונג פון די קינדער — זייער בארייכערונג מיט נייע באגריפען. סיי פון זאכען פון דער נאהענטער סביבה, סיי פון גוטער האנדלונג און אויפפיהרונג.

מיר וואלטען רעקאמענדירט פאלגענדע טעמען פאר שמועסען פאר'ן ערשטען און טיילוויז פאר'ן צווייטען האלביאהר:

1) נאמען, אדרעס, וועג אין שול. 2) פאבליק־סקול. צייט פון לערנען, וואס מען לערנט דארט. 3) אידישע שול: צייט פון לערנען, שול־מכשירים. 4) פאמיליע: עלטערן, ברידערלעך, שוועסטערלעך, אנדערע קרובים. 5) שפיעלען און שפיעל־זאכען: באל, שטריק, צאצקעס. 6) צעהלען ביז 20 און דערנאך ביז הונדערט. 7) די טעג. 8) די איינטיילונג פון טאג: באגינען, אינדערפריה, האלבער טאג א. ד. ג. 9) די פיער זייטען פון דער וועלט; דער מעת־לעת, די שעה, די מינוט. 10) דער זייגער. 11) די חדשים פון יאהר; דער דאטום. 12) באגריסונג און געזעגענונגען: גוט מארגען, גוט'ן אוועגט, גוט יאהר, א גוטען טאג א. ד. ג. 13) איהרצען און דוצען. 19) וויכטיגסטע טיילען פון מענשליכען קערפער; זייערע נעמען; וואס עס ווערט מיט זיי געטאן. 15) קליידער. 16) וואוינונג. 17) עסענווארג און געטראנקען. 18) צייטען פון יאהר: הערבסט, ווינטער, פריהלינג, זומער. 19) פארק, שפאציר. 20) פארקעהר: עלעווייטעד, סאבוויי. די קאר, דער אטאמאביל א. ד. ג. די נויטיגקייט פון פארזיכטיגקייט. 21) ארדנונג אין קלאס. 22) ריינליכקייט. 23) פינקטליכקייט.

אנהייבענדיג פון דער צייט, ווען די קינדער קאנען שוין לייענען אין קלאס אינטערעסאנטערע מעשה'לעך, קאן מען די שמועסען כמעט אלע מאל בעסער פארבינדען מיט דעם לעז־מאטעריאל, אנקניפענדיג דעם שמועס אדער אן א געוויסען מאראלישען שטריך אדער האנדלונג, אדער אן א געוויסער זאך אדער ערשיינונג.

### ב) אויסלערנען דאס קינד לייענען אידיש

#### 1) דאס ערשטע האלביאהר.

באקאנט מאכען דאס קינד ביסלעכווייז 1) מיט די אותיות, וואס ווערען באנוצט ביים באצייכענען אידישע ווערטער; 2) מיט די שלום אותיות; 3) מיט דעם שטומען „א" פאר י, יי, יי, ו און ו אין אנהייב ווארט; 4) מיט'ן קורצען „ע" פאר „ל" און „ן"; 5) מיט די שטומע "ע" און „ה", אויף וויפיעל זיי ווערען נאך איצט באנוצט; 6) מיט'ן שטומען „א" צווישען דריי וואווען; 7) מיט'ן „י" אין אנהייב ווארט פאר א וואקאל; 8) מיט'ן ווייכמאכענדען „י" פאר א וואקאל אין מיטען ווארט; 9) מיט די צוזאמענגעזעצטע אותיות: זש, טש און דזש; 10) מיט'ן שטומען „ד" פאר א „ט"; 11) מיט'ן אפאסטראף פאר פארקירצונגען; 12) מיט'ן אפאסטראף פאר פאראייניגען א פארווארט מיט'ן ווארט „דעם" (אינ'ם, אויפ'ן); 13) מיט'ן בינדשטריכעל. ביים באקענען די קינדער מיט'ן אפאסטראף און מיט'ן בינדשטריכעל דארף מען זיי דאס ערשטע האלביאהר ניט אנגעבען קיין שום כללים, ווען אט די צייכענס צו באנוצען; מען דארף זיי בלויז לערנען דורכצולייענען א ווארט, וואו אזא צייכען איז פארהאן.

#### 2) דאס צווייטע האלביאהר

באקאנט מאכען די קינדער, ווי צו לייענען דעם העברעאישען עלעמענט אין אידיש: 1) מיט די נקודות; 2) מיט די אותיות: בּ, ב, ו און וו; כ — ק; ט און ת; ה — ח; כ — ח, ש — ס — ת. 3) מיט די שטומע ה, א, ו און י אויפ'ן סוף פון העברעאישע ווערטער (לבנה, מסתמא, אפילו, כלי); 4) מיט'ן שטומען ו און י אין דער לעצטער זילב פון העברעאישע ווערטער (בחור, טלית); 5) מיט דער ענדונג ות; 6) מיט'ן אפאסטראף ביי העברעאישע שרשים; 7) מיט'ן ח אויפ'ן סוף ווארט (כח); מיט'ן חולם, וואס לייענט זיך ווי א קמץ (סוף, דור).

די גאנצע צייט, ווי נאר די קינדער געהען דורך די אותיות, וואס זיינען גענוג אויף צוזאמענשטעלען א מעשה'לע, און ביז'ן סוף יאהר, דארף מען לייענען מיט די קינדער פארשיידענע מעשות מיט א לייכטען אינהאלט: וויציגע און האלב־וויציגע; אזעלכע וואס אנטהאלטען אין זיך א געוויסען מאראלישען עלעמענט; אויך זעהר לייכטע אלטע אידישע אגדות, ניט געשיכטליכע. עס פארשטעהט זיך, אז דער לעהרער קאן זיך דערביי כמעט ניט העלפען אנדערש, ווי נאכצופאלגען א געוויסען אנפאנגער־ביכעל

מען דארף מיט די קינדער אויך אויסלערנען אין משך פון דעם יאהר צייט א רייהע לייכטע ליעדעלעך אויף אויסווענינג. מיר וואלטען רעקאמענדירט פאלגענדע: 1) פייגעלע, פייגעלע—פי, פי, פי (פאלקס־ליעד); 2) שלאף—שלאף, דער טאטע איז געפאהרען אין דארף (פ. ל.); 3) פריהלינג־ליעד פון רייזען; 4) פריהלינג — פון פרוג; 5) דער ערשטער שניי — פון סעגאלאוויטש; 6) הערבסט — פון רייזען; 7) א רעגען — פון לודוויג; 8) ווען עס רעגענט — גראס; 9) דער בוים און די נאכטיגאל — ז. שניאור; 10) די קליינע נייטארין — פון ל. קאפילאוויץ; 11) די מומע זעלדע — פון ל. קאפילאוויץ; 12) וואו וואוינט די זון — פון לאה קאפילאוויץ; 13) צווי און איינס — פון י. ל. 14) אין גארטען — פון ל. קאפילאוויץ; 15) די פיער צייטען פון יאהר.

אויסער די אויסגערעכענטע ליעדער, פון וועלכע נאר עטליכע ווערען געזונגען, דארפען נאך די קינדער אין משך פון דעם יאהר אויסלערנען א רייהע אנדערע ליעדער צום זינגען. מיר וואלטען רעקאמענדירט פאלגענדע: 1) טריפט א רעגענדעל; 2) שיקט דער האר א פויערל אין וואלד; 3) וואס איז דאס שענסטע אויף דער וועלט; 4) האב איך מיר א מיכעלקע; 5) האב איז א פאר אקסען; 6) שפיעלען מיר אין קעסטעלעך; 7) אמאל איז געווען א מעשה; 8) צעהן ברידער; 9) בולבע; 10) טרעטי, טרעטי, טרעטי; 11) רעטעניש; 12) קומט דער ליעבער זומער; 13) אונטער דעם קינדס וויעגעלע (דאס זיינען אלין פאלקס־ליעדער); 14) קאן איך ניט פארשטעהן — פון יהואש; 15) ווינטער־ליעד — פון ד. טשארני; 16) זיצען, זיצען זיבען קינדער (פ. ל.); 18 מיר וואשען, מיר וואשען; 19) און אז דער רבי געהט (פ. ל.); 20) געענדיגט שוין דאס לערנען — פון פינוס; 21) דער קאנאריק — פון ראזענפעלד; 22) דאס אינגעל און דער פויגעל — פון פריץ.

### ג) אויסלערנען דאס קינד שרייבען אידיש.

עס איז ווינשענסווערט (איך דענק, אז עס איז אפילו נויטיג) אנצוהייבען מיט די קינדער צו שרייבען גלייכצייטיג מיט'ן אנהייבען לייענען. מען דארף ביסלעכווייז באקאנט מאכען די קינדער מיט די אותיות (מען דארף אבער שרייבען הויפטזאכליך גאנצע ווערטער און זאצען, ניט איינצעלנע אותיות), דאן מאכען איבונגען: 1) מיט די שלוס־אותיות; 2) מיט'ן שטומען אלף אין אנהייב ווארט; 3) מיט'ן קורצען „ע" פאר'ן „ל" און „ן"; 4) מיט'ן שטומען „א" צווישען דריי וואווען; 5) מיט'ן „י" פאר א וואקאל אין אנהייב ווארט; 6) מיט'ן ווייכמאכענדען י; 7) מיט די צונויפגעזעצטע קאנסאנאנטען זש און טש; 8) מיט'ן אפאסטראף ביי פארקירצונגען (כ'וויים, ס'וועט) און ביי די ווערטער מיט'ן, אויפ'ן א. ד. ג.

העברעאישע ווערטער מעג מען דאס צווייטע האלביאהר באנוצען, ווען זיי טרעפען זיך אין ביכעל ביים איבערשרייבען; אבער עס איז נאך ניט כדאי צו מאכען איבונגען מיט זיי דאס ערשטע יאהר; דאס איז צו שווער פאר'ן קינד.

די לעצטע עטליכע חדשים פונ'ם צווייטען האלביאהר קאן מען שוין געבען די קינדער איבערדערצעהלען שריפטליך א מעשה'לע, וואס זיי האבען געלייענט, דורך ענטפערן אויף פראגעס, וואס דער לעהרער גיט זיי שריפטליך.

דאס צווייטע האלביאהר דארף מען אויך אנהייבען צו מאכען מיט די קינדער לייכטע גראמאטישע איבונגען, סיי מינדליך, סיי שריפטליך. די איבונגען קאנען זיין: 1) וועגען איינצאהל און מעהרצאהל פון הויפטווערטער, וואס טרעפען זיך אינ'ם געלעזענעם מאטעריאל און בכלל פון די, וואס ווערען אפטער באנוצט אין קלאס ביים רעדען; 2) די פארקלענערונגס־פארם פון די הויפטווערטער; 3) די באנוצונג פונ'ם אומבאשטימטען ארטיקעל א אדער אן; 4) דער באשטימטער ארטיקעל: דער, די און דאס פאר די אויבען־דערמאנטע הויפטווערטער; 5) די בייגונג פון צייטווערטער אין דער איצטיגער, פארגאנגענער און קומענדיגער צייט און אין דער באפעהל־פארם.

### ד) ערציהען דאס קינד

אלס זעהר וויכטיגער עלעמענט אין דער הינזיכט קאנען און דארפען זיין מעשות. דאס קינד האט זיי שטארק ליעב, הערט זיי אויס מיט דער גרעסטער אויפמערקזאמקייט, זאפט זיי אריין מיט זיין גאנצער נשמה, און זיי לאזען אויף איהם איבער זעהר א שטארקען רושם. מען דארף זעהר פארזיכטיג אויסקלייבען מעשות צום דערצעהלען: זיי זאלען ניט זיין צו שווער, אדער צו טונקעל, אדער צופיעל רייסען דאס קינד אין דער הייך: דאס ערשטע יאהר איז פאר'ן קינד צו שווער צו פליהען הויך מיט זיין גייסט. איך וואלט רעקאמענדירט פאלגענדע מעשות צו דערצעהלען, אמאל אויך פארצולייענען, דאס ערשטע יאהר: 1) די אלטינקע מיט'ן בער; 2) די דריי בערען; 3) חנה'לע (אלע דריי פון גרים); 4) דער וואלף און דער פוקס (אגדה); 5) דריי קלוגע איינפאלען (אגדה); 6) דער שטערנבער — פון טאלסטאי; 7) די שטערן־רענדלעך; 8) דער פראסט און די צוויי שוועסטער; 9) די שלאפענדע פרינצעסין (גרים); 10) דער קאטער אין שטיוועל (גרים); 11) פייוועל דער גרויסער און פייוועל דער קליינער (בן עמי); 12) איינאייגעל, צוויי־אייגעל און דרייאייגעל; 13) דאס צויבער־פייפעל — פון ה. לעווין; 14) דער כעלמער שומר (פאלקס־מעשה); 15) א מעשה מיט דריי ציגען; 16 דער העלפאנד — פון קופרין; 17) דער העלד פון האלאנד; 18) פראגען — פון שטיינבערג.

ה) אנהייבען באקאנען די קינדער מיט דעם לעגענדארען טייל פון דער אידישער געשיכטע, אנהייבענדיג אלענפאלס נים פריהער ווי מיט אברהמ'ען און ענדיגענדיג מיט רוד'ס טויט.

---

ל. גאלדבערג:

# אין דער לייברערי

(בילד)

נאך שטילער פון דער שטילקייט וועהט מיין אטעם אין
דער לייברערי.

די מענשען ארום מיר, ווי טיש און שטולען —שטומע.

און געהט ווער אויף דעם דיל איז שטיל, אזוי ווי טריט
אויף גומע,

נאך שטילער פון דער שטילקייט וועהט מיין אטעם אין
דער לייברערי.

אויף זארגלאזע געזיכטער ליעגט א ברייטע רוהיגקייט
צוגאסען.

ווער טיעף אין ביכער גריבעלט זיינע בליקען, ווער אויף
שרייבען,

און ווער א נערוועזער ביי'ם וואנט, איילינ נעמט זיך
ביכער קלייבען.

אויף זארגלאזע געזיכטער ליעגט א ברייטע רוהיגקייט
צוגאסען.

# די קאָאָפּעראַטיווע פאָלקס־בעקעריי פון די ניו־יאָרקער א. ר. ברענטשעס

פון אהרן סטאָלינסקי

דאָס לאַנג ערוואַרטעטע איז ענדליך געקומען: די ניו־יאָרקער אַרבייטער רינג ברענטשעס האָבען זיך גענומען צו קאָאָפּעראַציע. דאָס איז דער ערשטער שריט וואָס די אַרבייטער רינג ברענטשעס מאַכען, כדי קאָלעקטיוו עפּעס צו טאָן אויפ'ן קאָאָפּעראַטיווען געביעט. איינצעלנע ברענטשעס און אינדיווידועלע אַרבייטער רינג מיטגליעדער זיינען שוין פון יאָהרען־לאַנג אָן ביי אונז באַשעפטיגט מיט קאָאָפּעראַציע. די יעניגע, וועלכע זיינען באַקאַנט מיט דער יונגער אידישער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג, ווייסען גאַנץ גוט, דאָס די טעטיגסטע מיטגליעדער פון אַלע עקזיסטירענדע אידישע קאָאָפּעראַציעס זיינען אַרבייטער רינג מיטגליעדער. מען קען זאָגען אָהן איבערטרייבונג, אַז 75 פּראָצענט פון אַלע אידישע קאָאָפּעראַציעס זיינען געגרינדעט געוואָרען דירעקט אָדער אינדירעקט פון אַרבייטער רינג ברענטשעס. עס וועט גענוג זיין דאָ בלויז צו דערמאָנען די פּעטערסאָנער, האַרדפאָרדער און סיראַקיוזער בעקערייען, כדי צו באַשטעטיגען אונזער באַהויפּטונג.

אָבער קיינמאָל בעפאָר האָבען די אַרבייטער רינג ברענטשעס ניט אַרויסגעטראָטען אַזוי אָרגאַניזירט און באַוואוסטזיניג, ווי אין דעם איצטיגען פאַל. דער באַשלוס פון די ניו־יאָרקער אַרבייטער רינג ברענטשעס, צו עפענען אַ גרויסע קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי, דאַרף באַגריסט ווערען ניט בלויז פון קאָאָפּעראַטאָרס, נאָר אויך פון אַלע אַרבייטער רינג מיטגליעדער, וועלכע האָפען צו זעהן דעם אַרבייטער רינג אַלס ד ע ר פאַקטאָר פון אידישען געזעלשאַפטליכען לעבען.

אַז דער אַרבייטער רינג דאַרף זיך אויך באַשעפטיגען מיט קאָאָפּעראַציע, גיבען דוכט זיך שוין היינט צו די „קאָנסערוואַטיווסטע" מיטגליעדער, וועלכע האָבען שטענדיג גע'טענה'ט, אַז דער אַרבייטער רינג טאָר ניט אַרויסגעהן פון זיין אינשורענס קרייז. דער קאָאָפּעראַטיווער געדאַנק דרינגט אַריין מיט אַ געוואַלטיגער אינטענסיוויטעט אין די אַרבייטער רינג רייהען. פון אַלע שטעדט און שטעדטלאך פון איבער'ן גאַנצען לאַנד דערהאַלט איצט די אידישע קאָאָפּעראַטיווע פעדעראַציע פרעהליכע באַריכטען, ווי די אַרבייטער רינג ברענטשעס נעהמען זיך פּראַקטיש צו קאָאָפּעראַציע. ווי עס שיינט, זיינען די אַרבייטער רינג מיטגליעדער דער בעסטער עלעמענט פאַר קאָאָפּעראַציע. דער אַרבייטער רינג האָט באַשאַפען אַ דיסציפּלינירטע און באַוואוסטזיניגע אַרמעע פאַר דער אידישער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג.

חגם די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג איז ביי אונז נאָך פאַרהעלטניסמעסיג זעהר יונג, זיינען מיר פונדעסטוועגען שוין רייך אין ערפאַהרונגען אויף דיעזען געביעט, דאָס רוב, לגודער, ניט קיין פרעהליכע. כמעט אין יעדען אידישען גרעסערען צענטער זיינען שוין געמאַכט געוואָרען געוויסע פאַרזוכען צו גרינדען קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעהמונגען. גאַנץ וועניגע האָבען זיך אַרויסגעצייגט פאַר אַן ערפאָלג. פיעלע זיינען אונטערגעגאַנגען, און צוזאַמען מיט זיי אויך אַ היבש ביסעל האָפנונגען.

לכתחילה קומט דאָס אויס אַ ביסעל פּריקרע: פאַרוואָס האָבען די בעלגישע, פינישע, סקאָטישע און איטאַליענישע אימיגראַנטען אין דיעזען לאַנד יאָ באַוויזען אויפצובויען שטאַרקע קאָאָפּעראַטיווען, און מיר, אידען, ניט? האָבען מיר אידען דאָך זיך ניט ניט וואָס צו שעהמען חלילה מיט אונזערע טרייד יוניאָנס, פּאַרטיי ברענטשעס און פראַטווירנאַל אָרגאַניזאַציעס, היינט זשע פאַרוואָס זאָלען מיר זיין אַזוי הינטערשטעליג אויפ'ן קאָאָפּעראַטיווען געביעט? נויטיגען מיר זיך דען אין קאָאָפּעראַציע וועניגער ווי אַלע אַנדערע פעלקער? האַלטען דען די אידישע אַרבייטער ניט אויס אויף זייערע פּלייצעס אַ גאַנצען קלאַס אומזיסטע עסערס, און ווערען זיי דען ניט אַלס קאָנסומענטען, קונים, פּונקט אַזוי אונטערדריקט, ווי די אַרבייטער פון אַלע אַנדערע נאַציאָנען? נאָר ווען מען קוקט זיך צו אַ ביסעל נעהנטער געפינט מען גלייך אויס די אורזאַכען, פאַר וואָס מיר אידען האָבען ביז איצט נאָך ניט קיין שטאַרקע קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג.

אין קורצען קענען אָנגעגעבען ווערען די פאָלגענדע דריי אורזאַכען, פאַר וואָס מיר אידען האָבען ביז איצט ניט געהאַט קיין ערפאָלג אין קאָאָפּערציע: ערשטענס, צוליעב דעם, וואָס צו קאָאָפּעראַציע האָבען זיך ביי אונז גענומען נאָר איינצעלנע פּערזאָנען און ניט קיין אָרגאַניזאַציעס, ווי דאָס ווערט דאָס רוב געטאָן ביי אַנדערע פעלקער; צווייטענס, וואָס די אונטערנעהמונגען זיינען ביי אונז געגרינדעט געוואָרען מיט גאַנץ וועניג געלד און אויף אַ גאַנץ קליינעם מאַסשטאַב, און דריטענס, וואָס דער גרעסטער טייל פון אונזערע פריהערדיגע קאָאָפּעראַציעס זיינען געעפענט געוואָרען אָהן קאָאָפּעראַציע. די אונטערנעהמונגען זיינען ניט געגרינדעט געוואָרען לויט די אָנגענומענע כללים פון קאָאָפּעראַציע, לויט די ערפאַהרונגען פון אַנדערע פעלקער, נאָר יעדער גרינדער האָט אויספּראָבירט נייע „סקימס" און משונה'דיגע פּלענער און מיט די רייכע ערפאַהרונגען פון אַנדערע האָט מען זיך קיינמאָל ניט באַנוצט.

אָבער דיעזע אַלע חסרונות הייבט מען ענדליך שוין אָן צו אַנערקענען. און די ערשטע, וועלכע האָט זיך אַ נעם געטאָן צו קאָאָפּעראַציע אויף אַ גרויסען מאַסשטאַב, און אָהן די אַלע אויבען־דערמאָנטע חסרונות, זיינען די ניו־יאָרקער אַרבייטער רינג ברענטשעס.

דער ערשטער באַשלוס פון דער ניו־יאָרקער אַרבייטער רינג קאָאָפּעראַטיווער געזעלשאַפט איז געווען, צוצוציהען וואָס מעהר גאַנצע אַרבייטער רינג ברענטשעס און אַרבייטער אָרגאַניזאַציעס. די גרינדער האָבען קלאָר פאַרשטאַנען, דאָס אום כדי צו מאַכען אין ניו־יאָרק אַ קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעהמונג פאַר אַ גרויסען ערפאָלג, מוז די אונטערנעהמונג זיין אַ פ אָ ל ק ס ־ א ו נ ט ע ר נ ע ה מ ו נ ג, און ניט געגרינדעט פון אַ באַגרעניצטער גרופּע. אַלס אַן אָנפאַנג האָט די אַרבייטער רינג קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט באַשלאָסען אַרויסצוטרעטען מיט אַ גרויסער מאָדערנער קאָאָפּעראַטיווער בעקעריי. די אונטערנעהמונג זאָל ניט פריהער געעפענט ווערען, ביז וואַנען עס וועט ניט זיין אַ פאָנד פון לכל הפּחות פון 35 ביז 50 טויזענד דאָלאַר. די געזעלשאַפט שטעהט אין נאָהנטער פאַרבינדונג מיט דער אידישער קאָאָפּעראַטיווער פעדעראַציע, כדי אָוועקצושטעלען דעם קאָאָפּעראַטיוו אויף אמת'ע קאָאָפּעראַטיווע יסודות.

כדי צו געבען אַ געלעגענהייט יעדען אַרבייטער זיך צו באַטייליגען אין דער קאָאָפּעראַטיווער אַרבייט, איז באַשלאָסען געוואָרען אַרויסצולאָזען 5 דאָלאַרדיגע שעהרס. יעדער ברענטש, וואָס וויל זיך אַנשליסען אַלס אַ מיטגליעד אָן דער אַרבייטער רינג קאָאָפּעראַטיווער געזעלשאַפט, דאַרף קויפען 10 שעהרס, ד. ה. איינצאָהלען 50 דאָלאַר. 10 שעהרס איז דער מינימום, וואָס אַ ברענטש דאַרף נעהמען, כדי צו ווערען אַ מיטגליעד. יעדער ברענטש איז באַרעכטיגט צו שיקען צוויי דעלעגאַטען צו די שעהר־האָלדערס מיטינגען. די קאָנסטיטוציע איז אַזוי אויסגעאַרבייט געוואָרען, אַז די הויפּט־קאָנטראָל זאָל שטענדיג זיין ביי די ברענטשעס.

דורך דער קורצער צייט, וואָס די אַרבייטער רינג קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט עקזיסטירט, האָבען זיך אַ היבשע צאָהל ברענטשעס אָנגעשלאָסען אַלס מיטגליעדער. די פּלעדזשעס אויף שעהרס באַטרעפט שוין איצט אין די טויזענדער. דער פאָנד וואַקסט מיט אַ באַפריעדיגענדער שנעליגקייט.

אָבער די ברענטשעס באַגנוגענען זיך ניט בלויז מיט דעם, וואָס זיי אַליין שליסען זיך אָן אַלס מיטגליעדער, זיי באַמיהען זיך אויך אַז זייערע מיטגליעדער זאָלען באַזונדער קויפען שעהרס ביי דעם קאָאָפּעראַטיוו. און מיר זעהען טאַקע, דאָס אַ סך ברענטשעס האָבען באַשלאָסען א י י נ ש ט י מ י ג ביי זייערע מיטינגען, אַז יעדער מיטגליעד פונ'ם ברענטש זאָל לכל הפּחות אַרויסנעמען א י י ן שעהר ביי דער קאָאָפּעראַטיווער געזעלשאַפט. דיעזע באַשליסע זיינען ניט קיין „פּאַפּיערענע" באַשליסע, נאָר זיי ווערען באמת מיט דער גרעסטער באַגייסטערונג דורכגעפיהרט.

ווי שוין געזאָגט, האָט די אַרבייטער רינג קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט באַשלאָסען פאַר אַלעם ערשטען צו עפענען אַ גרויסע קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי. דער ברויט יקרות איז שוין איצט צו הימעלשרייענד, אַז מען זאָל איצט ניט גלייך עפּעס פּראַקטישעס טאָן, כדי צו געבען איבער די הענד די בעקער־באָסעס. אין אַלע ערטער, וואו עס געפינט זיך נאָר אַ קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי, טוט זי פאַקטיש קאָנטראָלירען דעם דאָרטיגען ברויט מאַרק; אָדער מיט אַנדערע ווערטער: די באָסעס זיינען געצוואונגען אַראָפּצולאָזען פון די פּרייזען. יעדען אַרבייטער רינג מיטגליעד איז שוין איצט, דוכט זיך, גאַנץ גוט באַקאַנט, דאָס די פּעטערסאָנער, בראָנזווילער, סיראַקיוזער, נוּאַרקער און האַרדפאָרדער אידישע קאָאָפּעראַטיווע בעקערייען מאַכען גאַנץ גוטע געשעפטען און קאָנטראָלירען דערביי אויך דעם גאַנצען ברויט מאַרק.

אָבער די ניו־יאָרקער אַרבייטער רינג קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט וויל עפּעס מעהר ווי אַ געוועהנליכע קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי. די קאָאָפּעראַטיווע וויל, אַז איהר בעקעריי זאָל זיין אַ מאָדערנע אין פולען זין פון וואָרט. דיעזע בעקעריי וועט האָבען אַלע לעצטע טעכנישע און היגיענישע איינריכטונגען. די אַרבייטער רינג מיטגליעדער ווילען ניט, אַז זייער בעקעריי זאָל זיך געפינען ערגעץ אין אַ קעלער, אָדער אין אַ פאַרשטיקטען שאָפּ, און אַז זייערע אַרבייטער זאָלען דאַרפען ליידען פון פאַרשידענע אויגען־ און לונגען־קראַנקהייטען. די ברענטשעס ווילען, אַז דער לאַבען ברויט וואָס וועט אַרויסגעהן פון זייער בעקעריי זאָל זיין ריין, נאַרהאַפט און היגיעניש לכל הדעות. און ווער איז אומשטאַנד אויסצורעכענען, וויפיעל קראַנקהייטען אַ ז ע ל כ ע בעקערייען וואָלטען פאַרמיידען, ניט בלויז פון זייערע אַרבייטער, נאָר אויך פון דעם אַלגעמיינעם פּובליקום — פון די קונים.

די ניו־יאָרקער אַרבייטער רינג ברענטשעס האָבען זיך אונטערגענומען דורכצופיהרען זעהר אַ פאַראַנטוואָרטליכע און נויטווענדיגע אַרבייט. עס איז דער חוב פון יעדער אַרבייטער־אָרגאַניזאַציע און פון יעדען ראַדיקאַלען אַרבייטער זיי צו העלפען באַשאַפען דעם נויטיגען פאָנד. עס וואָלט געווען אַ פאַרברעכען צו פאַרשלעפען דיזע אַרבייט. לייגט אָוועק אַלע אַנדערע ענינים און העלפט בויען די קאָאָפּעראַטיווע פאָלקס־בעקעריי. צייגט אַז דער אַרבייטער רינג איז ד ע ר מאַטעריאַל פאַר קאָאָפּעראַציע.

מיר ווילען דאָ ניט שלעכט פאַרשטאַנען ווערען: מיר אַפּעלירען ניט צו די אַרבייטער רינג ברענטשעס. דאָס וואָלט געווען אַ באַליידיגונג פאַר זיי. די ברענטשעס ווייסען גאַנץ גוט אַליין זייער חוב און קיינער דאַרף זיי ניט דערמאָנען. מיר אַפּעלירען אָבער צו די אַרבייטער רינג מיטגליעדער אין אַלגעמיין, אַז זיי זאָלען זיך ניט באַגנוגענען מיט דעם, וואָס זייער ברענטש האָט זיך שוין אָנגעשלאָסען אָן דער קאָאָפּעראַטיווער געזעלשאַפט, נאָר אויך אַז י ע ד ע ר אַרבייטער רינג מיטגליעד פון ניו־יאָרק זאָל גלייך קויפען אַ שעהר ביי דער קאָאָפּעראַטיווע. דער באַשטימטער פאָנד מוז ג ל י י ך געשאַפען ווערען. וואַרט ניט ביז מען וועט קומען צו אייך, נאָר געהט איהר בעסער צו די קאָאָפּעראַטיווע און נעהמט אַרויס אַ שעהר. לאָמיר צייגען וואָס די אַרבייטער רינג מיטגליעדער קענען טאָן מיט קאָנצענטרירטע קרעפטען.

# רעפאָרם און רעוואָלוציאָן

פון ה. שער

עס אין יעצט א וועלט פון רעוואָלוציאָנען.

אויף יענער זייט ים קומען פאָר וועלט־ענדערונגען איינע נאָך די אנדערע. רעגיערונגען ווערען אומגעוואָרפען און אנדערע פארנעהמען זייער פלאץ. פעלקער רעוואָלטירען און נעהמען איבער די לייצעס אין זייערע אייגענע הענד. מדינות גאנצע ווערען געבויט און איבערגעבויט. ס'איז א פעריאָדע פון גרויסע ענדערונגען.

דער קריעגס־רוף פון אונזערע ברידער אויפ'ן צווייטען זייט אטלאנטיק האָט דאָ ביי אונז אויך געפונען א גוטען אָפּקלאנג. עס וועקט אין אונז דעם מוט צום קאמף און ערמוטיגט אונז אונטערצונעהמען עטוואָס גרויסעס. עס רופט ארויס אונזער ענטוזיאזם און עס רייצט אויף אונזערע הערצער, פאנטאזיעס און מוחות.

מיר ווילען א ו י ך ארויסווייזען שטאַרקע טעטיגקייט. זיכער וואָלטען מיר אלע געוואָלט נאָכטאָן דעם ביישפּיעל פון די ארבייטער־מאסען פון די סאָציאליסטיש־געוואָרענע לענדער אין איירָאָפּא. איז אָבער דער וועג דערצו פארשטעלט מיט אייזערנע פעסטונגען, אָן וועלכע מען צוקלאפּט זיך דעם קאָפּ.

אז מען וויל אָבער דאָך מאכען רעוואָלוציעס, גיט מען זיך אָן עצה. מאכט מען א רעוואָלוציע ביי זיך אליין, דאָס הייסט אין דער סאָציאליסטישער פארטיי. וואָס איז אייגענטליך דער אונטערשיעד וואו מען מאכט ענדערונגען, אָדער וועלכע אָרדנונג מען שטירצט? א מצוה מעג מען טאָן אומעטום, איז אָן אלטער אידישער כלל. און א שטורם איז א שטורם, וואו ער זאָל ניט זיין, אבי עס זאָל דונערען און קראכען, ווי אין פסוק שטעהט.

דאָס דערמאָנט אָן יענעם שדכן, וואָס איז געקומען ריידען א שדוך א בעל־הבית'ישען יונגען מאן און האָט זיך צו'טענה'ט מיט'ן חתן וועגען די מעלות וואָס דאָס מיידעל באזיצט. ווייל, זאָגט ער, ער האָט קיין הארץ ניט צו נעהמען א אידישע טאָכטער, זי זאָל האָבען צרות פון איהם. ער ווייסט אליין, דאָס ער איז א כעסן און שילט זיך יעדע מינוט וואָס ער ווערט אויפגערעגט. דער אלטער שדכן האָט זיך אָבער ניט פארלאָרען און זאָגט צו איהם: „שוטה איינער, אָט דעריבער טאַקע דארפסטו חתונה האָבען. אז דו וועסט האָבען א ווייב, וועסטו האָבען אויף וועמען שטענדיג אויסצו'בטל'ן דיינע וויסטע חלומות; וועסט קענען שילטען איהר ווען דו וועסט נאָר ווילען...

ביי איינינע איז די סאָציאליסטישע באוועגונג א פלאץ, וואו מען קען שילטען, מאכען זיך גרינגער אויפ'ן הארצען. מען שילט „גאָט און דעם קייזער" און דער פארפלוכטער וועלט. און ווען דאָס ווערט מיאוס, שילט מען איינע די אנדערע.

מען האָט זיך אלזאָ גענומען מאכען רעוואָלוציאָנען אין דער פארטיי און אלס ערשטער שריט דארף מען שאפען נייע פראָגראמען.

שלאָגט פאָר איינער, מיר זאָלען זיך גלייך אָפּזאָגען פון אלע רעפאָרם־פאָדערונגען.

א צווייטער כאפּט אונטער: „מיר מוזען טאַקע גלייך איינפיהרען א סאָוויעטען־רעגיערונג."

שרייט אויס אָן אנדערער: „לאָמיר איינפיהרען א פּראָלעטארישע דיקטאטור."

אזוי שיטען זיך מורא'דיגע פלענער ווי באָב. און זיי וואָלטען אפשר אויך געווען ניט קיין שלעכטע פלענער, ווען די הערשער און יעצטיגע בעלי־דעות פון אמעריקא לאָזען אונז איין אָן בעטען אונז רחמים מיר זאָלען עס דורכפיהרען. צום אומגליק אָבער טוען זיי עס ניט. דערווייל זיצען זיי נאָך פעסט אין זאָטעל און האָבען גאָר ניט בדעה צו ווערען הערען אונז. און דער גרויסער עולם, און דער פיעל גרעסערער גולם, האלט ליידער אויך מיט זיי אין דעם הינזיכט, און ניט מיט אונז.

הייסט עס, אז וואָס אנבאלאנגט אונזערע „גרויסע" פלענער, וועלען מיר פארלויפיג בלייבען בלויז ביים רעדען, און דאָס נאָך אויב מען וועט נאָר לאָזען רעדען. מען מוז אלזאָ פארקירעווען די האָלאָבלעס צוריק צום ארבייטער־קלאס. העלפען איהם אָרגאניזירען, בילדען איהם, ערציהען איהם און איינפלאנצען דעם סאָציאליסטישען גייסט אין איהם. מען דארף ארונטערבויגען אונזער קאָפּ, וואָס מיר האָבען אויף א ווײלע פארריסען קוקענדיג דירעקט צו די הויכע פענסטער פון קאפּיטאל'ס טורעם, און זיך נעהמען צו מיטלען, פון וועלכע מען קען ערווארטען בעסערע האָפנונגען.

איינע פון די מיטלען פון פּראָפּאגאנדא צווישען די ארבייטער קלאסען איז געווען די „אימידיאייט דעמענדס", אָדער ווי מען רופט עס אין דער גרויסער וועלט, די פּראָגראם מינימום. דאָס הייסט צו האלטען דורכאויס אין פאָדערען געוויסע פארבעסערונגען אין דעם ארבייטער־לעבען אָט שוין יעצט, היינט צו טאָג. און אז עס געלינגט ווי עס איז ארויסצורייסען עטוואָס פון די צייהן אין דעם קאפּיטאליסטישען מויל, זיינען דאָ גענוג גרעסערע פאָדערונגען ארויסצושטעלען. מיט'ן וואוקס פון די ארבייטער־כחות וואקסען אויך זייערע פאָדערונגען.

דאָס איז באנוצט געוואָרען פון אלע סאָציאליסטישע פארטייען איבער דער גאנצער וועלט אלס א מעטאָדע צו אנטוויקלען אָן ארבייטער־באוועגונג, צו וועקען דעם מענש און דעם שקלאף, צו מאכען איהם ער זאָל איבערהויפּט עטוואָס ווילען און פאָדערען פון זיינע הערשער, פּאָליטיש אזוי גוט ווי עקאָנאָמיש. די „אימידיאייט דעמענדס" זיינען קיינמאָל ניט פאררעכענט געוואָרען אלס דער ענד־ציעל, אלס דעת עיקר. ניין, עס איז ניט געווען קיין סאָבסטיטוט פון סאָציאליזם. עס איז בלויז געווען דער סיסטעמאטישער ערציהונגס־מיטעל צו לערנען אונזערע רעוואָלוציאָנערען אידעען צווישען די ברייטע מאסען.

אלס דער ערשטער קרבן אין דעם יעצטיגען שטורם אין דער פארטיי איז געפאלען די פּראָגראם מינימום. די „אימידיאייט דעמענדס", ווערט ארגומענטירט, זיינען א שטערונג צום רעוואָלוציאָנערען סאָציאליזם. די „בורזשואזע רעפאָרמען" מאכען דעם יעצטיגען היסטאָרישען מאָמענט צו וואכעדיג. רעפאָרמען פארשלעפּערען בלויז דעם ארבייטער. זיי וועקען איהם ניט.

עס מוז געזאָגט ווערען, דאָס אין דער פארגאנגענהייט האָט אונזער פארטיי, אָדער געוויסע טוער, טאַקע א ביסעלע צוגעזינדיגט אויף דעם געביעט. אין מאנכע גרויסע פּאָליטישע קאמפּיינס האָבען מיר ווירקליך געמאכט רעפאָרמען אלס די הויפּט־אישו און דעם סאָציאליזם האָבען מיר געלאָזען אויף יענער זייט טיר. וואָס אמת איז אמת. דאָס איז אָבער געווען א טעות, וואָס יעדער מענש, אויסער אונפעהלבארע פראזען־שיסער, באגעהט אמאָל און כאפּט זיך גלייך צו פאררריכטען דעם פעהלער.

געוויס דארפען אזוינע פעהלערען אין דער צוקונפט אויסגעמידען ווערען. דער סאָציאליסטישער געדאנק דארף ווערען געפּרעדיגט ניט נור ווען מען איז אין א יום־טוב'דיגער שטימונג, נאָר צו אלע צייטען און ביי יעדער געלעגענהייט. פאר'ן קאמפּיין אזוי גוט ווי נאָך דעם קאמפּיין, אויפ'ן פּאָליטישען פעלד און אויך אויפ'ן עקאָנאָמישען פעלד, אפילו אויפ'ן אלגעמיין געזעלשאפטליכען געביעט. קיינער וויל אלזאָ ניט לייקענען, אז „דהער איז לאטס אוו רום פאָר אימפּרואוומענט", ווי דער אמעריקאנער זאָגט. אויב עס איז נאָר דאָ א ווילען פאר פארבעסערונגען, וועט עס זיכער פארווירקליכט ווערען.

אָבער צו פארוואַרפען אין גאנצען „אימידיאייט דעמענדס" הייסט שוין אוועקלויפען צו א ווילדען עקסטרים. דאָס מיינט

אייגענטליך אפצוזאגען זיך פונ'ם לעבען און ווארטען אויף משיח'ן. ניט נאר איז אזא געדאנק לעכערליך, נאר עס טרייבט לאגישערווייזע צו זעלבסטמארד. די פארטיי וועט אין גאנצען פארשוואונדען ווערען אין די וואלקענס פון פייער, רויך אדער טשאד און די ארבייטערשאפט וועט איהר גאר מיט'ן אויג ניט קענען כאפען.

עס איז זעלבסטפארשטענדליך, דאס צו האבען אן ארבייטער־באוועגונג מיינט צו ארגאניזירען ארבייטער און מאכען זיי קלאסען־באוואוסטזיניג. איינצופיהרען סאציאליזם אהן ארבייטער איז דאס זעלבע ווי האלטען מלחמה אהן אן ארמעע. בלויז מענשען מיט א קרומען פארשטאנד קענען דאס ניט באגרייפען. אום צו ארגאניזירען ארבייטער מוזט איהר רעדען צו זיי אין דער געוועהנליכער שפראך, אין דער שפראך פון זייערע באדערפנישען, אין דעם געדאנק פון זייערע נויטווענדיגקייטען, וואס זיי ווייסען און פיהלען צו יעדער מינוט. א שפראך פון דער צוקונפט, געדאנקען פון לעתיד לבוא פארשטעהט ניט א פראסטער בשר ודם, מעגען זיי זיין ווי שעהן און ווי באצויבערענד.

ווי געזאגט, איז די אויפגאבע פון די סאציאליסטען צו ערקלערען גרינדליך די אורזאכען פון די נויט און שקלאפעריי, צו וועלכע די ארבייטער זיינען אונטערווארפען. דאס מוז געטהאן ווערען קלאר און גרינדליך לויט דער סאציאליסטישער לעהרע. רעדענדיג איבער טאג־טעגליכע פראגען קען מען ערווארטען זיי זאלען שענקען אויפמערקזאמקייט, און ווען זיי זעהען א פריינדליכע האנד צו העלפען זיי אויף ווי ווייט מעגליך אין דער געגענווארט, וועלען זיי ביסלעכווייז אויך פאראינטערעסירען זיך מיט אונזערע לעהרען פון דער צוקונפט. ביים ערקלערען זיי, דאס מיר זיינען אישטאנד צו ברענגען א באלדיגע רפואה צו א מכה אדער מכה'לע זאגען מיר זיי, דאס עס איז ניט מעהר ווי א לאטע אויפ'ן קאפיטאליסטישען בגד. דער גאנצער בגד טויג אויף כפרות און מען וועט מוזען ווען עס איז איהם אוועקווארפען און מאכען א נייעם. אבער ווען איהר זיינט געצוואונגען דאך צו טראגען דעם בגד, איז פיעל גלייכער צו לייגען א לאטע איידער געהן אפגעריסען און זיך פארקיהלען. אזוי איז יערענפאלס די פסיכאלאגיע פון דעם געוועהנליכען מענשען. מיט דיעזען פאקט מוז מען זיך רעכענען.

עס איז אמת, אז אויך די קאפיטאליסטישע פארטייען חנפ'ענען זיך צום „ברודער ארבייטער" מיט רעפארמען און בעטען זיין וואוט, אבער עס איז דאך ניט זעהר שווער צו געבען צו פארשטעהן אלעמען אויף ווי ווייט ערנסט דיעזע פארטייען זיינען און אויף ווי ווייט זיי זיינען איבערהויפט אימשטאנד צו געבען דעם ארבייטער־קלאס עטוואס ממשות'דיגעס. יערענפאלס איז עס פיעל לייכטער צו ערקלערען אויף דיעזען וועג, איידער דורך שרייען רעוואלוציאן און רעוואלוציאן, און ערנליכע פראזען.

איבריגענס, טוען עס דאך יענע פארטייען דורך דעם דרוק פון דעם סאציאליסטישען געדאנק, וואס דרינגט אריין וואס טיעפער אין די מוחות פון דעם דענקענדען ארבייטער. און מיר קענען זיך פארגינען צו זעהן פארבעסערונגען דורכגעפיהרט דורך אונזער איינפלוס, ווען אפילו אנדערע נעהמען זיך דעם קרעדיט דערפאר. אויף אזוי ווייט זיינען מיר נאטירליך א טייל פון דער ארבייטערשאפט גופא און ווילען האבען פארבעסערונגען אין דעם יעצטיגען לעבען אהן אונטערשיעד פון וועמען עס קומט. מיר דארפען זיך ניט שרעקען, דאס יענע פארטייען ווילען אונז אריבעריאגען אין ארבייטער־רעפארמען. זאלען זיי נאר אזוי פיעל קענען אויפטאן וויפיעל מיר קענען פאדערען. בעטען איז לייכטער ווי געבען, זאגט א גלייכווערטעל. הלואי וואלטען זיי נאר פארווירקליכט אלץ וואס מיר פאדערען פאר די ארבייטער. וואלט מען ניט נעדארפט קיינע סאציאליסטישע באוועגונגען. עס וואלט געווען אן אמת'ער גן־עדן, דער סאציאליזם גופא. די צרה איז אבער, וואס זיי טוען ניט און מיר מוזען א וועלט איינלייגען ביז מיר צווינגען זיי עפעס נאכצוגעבען.

מען דארף ניט מאכען זיך ניט זעהענדיג צו די שרייענדע פאקטען, דאס עס זיינען פאראן מאסען זאכען אין וואס די ארגאניזירטע ארבייטערשאפט נויטיגט זיך היינט און ניט מארגען; און מען קען נאך גענוג רייסען פון דעם קאפיטאליסטישען קערפער. ער איז נאך שטארק גענוג. דערצו אליין איז שוין די סאציאליסטישע פארטיי די פאסיגסטע פארטרעטערין פון די ארבייטער־אינטערעסען אויב די פארטיי זאל מעהר ניט קענען אויפטאן ווי צווינגען קאפיטאל נאכצוגעבען ארבייטער־פאדערונגען מעהר און מעהר, וואלט דאס אליין געגעבען איהר עקזיסטענץ בארעכטיגונג. אבער דערביי שטעלט זיך דאך דער באפרייאונגס־געדאנק ניט אפ. ער געהט ווייטער, פיעל ווייטער. ער זוכט די פולע אומענדערונג פון דער גאנצער סיסטעם. נאר די ערפאהרונג האט געוויזען, דאס אהן א „היינט" קען דער מארגען" ניט קומען. און דער „היינט" האט זיך זיינע זארגען, וועלכע קענען מיט דער האנד ניט ווערען אוועקגעמאכט, אפילו ניט מיט'ן רעוואלוציאנערען שם המפורש.

אין די לענדער, וואו דער „מארגען" איז שוין באלד איינגעפיהרט, איז עס אויך געקומען דורכ'ן „היינט". די אלגעמיינע פאדערונגען פון טאג זיינען געווארען אזוי דרינגענד, אזוי שטיקענד, אז די עקזיסטירענדע רעגיערונג האט זיך געפונען ניט פאסענד דערצו און איז אזוי ארום געווען געצוואונגען צו פארלאזען דעם טראהן. און ווען די רעוואלוציאנערע פארטרעטער האבען איבערגענומען די פיהרערשאפט פון פאלק, האבען זיי אויך ניט פארגעסען די מאמענטאנע פאדערונגען, די „אימידיאייט דעמענדס". זיי האבען עס געווידמעט פיעל ענערגיע און האבען זיך דערמיט זעהר גוט באשעפטיגט. ערשט א דאנק זייער טאקטישער אויפמערקזאמקייט צו דיעזע „אימידיאייט דעמענס" האבען זיי זיך באפעסטיגט און געוואונען דעם צוטרויען פון פאלק.

די „אימידיאייט דעמענדס" זיינען ניט קיין טעארעטישע פראגען, זיי זיינען א פראקטישע נויטווענדיגקייט. טעאריעס קען מען בויען פיעל, אבער ווען עס קומט צו דער פראקטיקע טוט עס זיך ניט אזוי לייכט. ווען איינער איז הונגעריג וועט איהר איהם ניט זאט מאכען מיט א קאפיטעל סאציאליזם; און ווען אייער רענט ווערט געהעכערט יעדען טאג און מען קריגט ניט קיין רומס, וואלט איהר געוויס ווענען האבען סאציאליסטישע געזעצגעבער, וועלכע זאלען געבען די הויט־שינדערישע לענדלארדס איבער די הענד. די סאציאלע רעוואלוציאן פון דער צוקונפט קען אין דיעזען פאל גאר ניט העלפען. אזעלכע פארבעסערונגען, מעגען זיי זיין ווי קליין, זיינען אבער ווילקאמען און דורך דעם קענט איהר צוקומען צום ארבייטער'ס געדאנק און צו זיין הארץ אזוי, אז ער וועט אויך ווען לערנען ווייטערע סאציאליסטישע לעהרען.

עס זיינען פאראן מאסען פאדערונגען, וואס דער ארבייטער שטעלט ארויס אלס א קלאס, וועלכע קענען פון די קאפיטאליסטישע פארטייען ניט פארענטפערט ווערען אונטער קיינע אומשטענדען. אזוי צום ביישפיעל איז די פאדערונג, דאס דער ארבייטער־קלאס זאל זיין פארטראטען אין דער רעגיערונג אלס א באשטימטע גרופע. ווי דער געזעץ איז יעצט דא אין לאנד, איז די גאנצע ארבייטער־באוועגונג אלס אזעלכע אויסגעשלאסען פון דער רעגיערונגס מאשין. קיין מינאריטעט רעכטע ווערען דא ניט אנערקענט, און לויט די געזעצען פון פלוראליטעט ווערט די גאנצע מאכט פון אמעריקא צוטיילט צווישען די צוויי גרויסע קאפיטאליסטישע פארטייען. אזוי ארום געהט דער ארבייטער־וואוט אין גאנצען פארלארען. פלענער ווערען אויסגעארבייט פון סאציאליסטישע טוער צו פאדערען, דאס דער ארבייטער־וואוט זאל קומען קאנצענטרירט דורך אינדוסטריען, דאס הייסט שעפער און אינדוסטריעס זאלען האבען פארטרעטער אין די געזעצגעבענדע קערפערשאפטען. אזעלכע פאדערונגען ווענען זיכער פון די אנדערע פארטייען ניט אויפגענומען ווערען, ווייל דאס וואלט דאך אייגענטליך אונטערגעגראבען זייער עקזיסטענץ. די סאציאליסטישע פארטיי איז די איינציגע וואס קעמפט דערפאר.

די פאדערונג דאס די קאורטס זאלען ניט קענען פארווארפען אנגענומענע ארבייטער־געזעצען אלס אונקאנסטיטוציאנעל און זאלען ניט האבען דאס רעכט צו ברעכען סטרייקס דורך אינדזשאנקשאנס און נאך אזעלכע וויכטיגע ארבייטען־פראגען וועלען נאך אויך פאר א לאנגע צייט ניט איינגעשריבען ווערען

אין די פלאטפארמעס פון די גרויסע פארטייען. נאך פיעלע, זעהר פיעלע פאדערונגען פון ארבייטער, וואס ריהרען שטארק אן דעם לעבען פון ארבייטער, קענען אנגעדייטעט ווערען, וועלכע קענען נאר געפינען אן אפקלאנג דורך דער סאציאליסטישער פארטיי. די אויבען־געבראכטע זיינען בלויזביישפיעלע.

מאנכע געהען ארום מיט׳ן געדאנק, דאס רעפארמען באפעסטיגען בלויז קאפיטאל׳ס הערשאפט; דאס דורך פארבעסערונגען אין דער געגענווארט ווערט קאפיטאל׳ס צייט פארלענגערט. דאס איז אבער דורכאויס פאלש. עס איז בלויז גענוג צו זעהן ווי אזוי גרויס קאפיטאל און קליין־קאפיטאל און אלע זייערע משרתים קעמפען ביטער געגען יעדער פיצעלע פארבעסערונג, צו איבערצייגען זיך אין דעם. ניש־קשה, קאפיטאל ווייסט בעסער זיינע אינטערעסען ווי מיר אלע. און ווען קאפיטאל באקעמפט פארצווייפעלט אירגענד וועלכע רעפארמע, איז עס זיכער ניט דערפאר, ווייל „רעפארמעס זיינען א טובה" פאר די געלד־זעק. יעדער געזעצגעבער, וואס וואגט צו ברענגען רעפארמען אויף זיינע ליפען, ווערט פון דער הערשענדער מאכט געשטעמפעלט אלס א געפעהרליכער מענש, אלס א סאציאליסט, באלשעוויק און וואס ניט. מסתמא איז וואל סטריט ניט פארליעבט צופיעל אין רעפארמען. אלץ וואס די ארבייטער האבען זיך ערווארבען איז ניט געגעבען געווארען אלס א מתנה. זיי האבען עס געמוזט אויסקעמפען דורך שווערער מיה און אונערמיעדליכער ארבייט.

ניין, פארבעסערונגען פאר ארבייטער מאכען קאפיטאל ניט שטארקער. דער אמאליגער פרינציפ, אז וואס ערגער עס איז דעם ארבייטער אלץ בעסער איז עס פאר דער סאציאלער רעוואלוציאן, איז שוין לאנג אוועקגעווארפען געווארען. די געשיכטע איז פארקעהרט: וואס מעהר ער האט — אלץ מעהר פארלאנגט ער. מיט׳ן עסען קומט דער אפעטיט, זאגט מען. דאס איז אויך ריכטיג אין דעם פאל.

דער קאמף פאר ארבייטער־פארבעסערונגען דארף זיך ניט באשרענקען נאר אויף פארלאמענטארישער טעטיגקייט. דער הויפט קאמפס־פלאץ פאר דער ארגאניזירטער ארבייטערשאפט איז אויפ׳ן עקאנאמישען פעלד. עס מוז אבער געהן האנד אין האנד מיט פאליטישער טעטיגקייט.ביידע צוזאמען זיינען ווי דעם מענשען׳ס צוויי הענד: איינע העלפט דער אנדערער.

די צרה איז דא אין אמעריקא, וואס דער עקאנאמישער טייל פון דער באוועגונג האט זיך זעהר קאלט באנומען צו דער פאליטישער, כאטש די לעצטע איז אלעמאל געווען בארייט צו טאן אלעס פאר דער ערשטער. און אזוי לאנג ווי די לאגע וועט אזוי זיין וועלען די אויסזיכטען פאר׳ן סאציאליזם זיין ניט פיעל בעסער ווי אין דער פארגאנגענהייט. נאר דאס פאדערט שוין א באזונדער אפהאנדלונג באריכות.

עס מוז אבער געזאגט ווערען, דאס דער נאר וואס געבראכטער פאקט איז איינער פון די אורזאכען ווארום אמעריקא איז וועניגער פארטיג פאר א רעוואלוציאן איידער די איראפעאישע לענדער. און שוין דורך דעם אליין האט עס קיין זין ניט צו וועלען פארגלייכען דיעזע לאנד מיט אנדערע לענדער; צו וועלען איינרעדען זיך, דאס די צייט איז דא שוין א רעוואלוציאנער און מען דארף נאר דערלאנגען עס מיט׳ן האנד.

עס זיינען נאך פאראן א היבשע ביסעל דערנער און שטיינער אפצוראמען פון וועג.

# די קאאפעראטיווע באוועגונג אין א. ר.

פון ה. גראף

די וועלכע האלטען זייערע אויגען אפען קענען ניט פארביגעהן דעם פאקט, אז דער קאאפעראטיווער געדאנק פארשפרייט זיך צווישען די ארבייטער רינג ברענטשעס.

דא און דארטען הערען מיר נאך, אז די „געגנער" מאכען נאך אלץ אוועק מיט׳ן האנד די קאאפערטיווע באוועגונג. גוטע און פרומע גענאסען, וועלכע האלטען זיך פאר גאנץ פראקטישע מענשען און וועלכע זיינען, דוכט זיך, גאנץ גוט באקאנט מיט דעם ארבייטער רינג, קענען נאך אלץ ניט מוחל זיין וואס אמאל האבען איניגע קאאפעראטיווע סטארס געמאכט א דורכפאל. אזוי ווי קיין באוועגונג וואלט קיינמאל גאר קיין דורכפעלע ניט געמאכט. די סאציאליסטישע פארטיי האט געמעגט מאכען פעהלערען, די טרייד יוניאנס דאס זעלבע, אבער די קאאפעראטיווע באוועגונג האט געמוזט זיין גלייך ערפאלגרייך. אזוי ווי פרומע, רעליגיעזע פאנאטיקער וועלען אויפווארפען א „משומד" אין דער משפחה" ביז׳ן צעהנטען דור אריין, אזוי קענען מאנכע פון אונזערע גענאסען ניט פארגעסען ביז׳ן היינטיגען טאג די „דורכפעלע" פון דער קאאפעראטיווער באוועגונג.

דער לעבען אבער געהט זיך זיין וועג און לאזט איבער פון הינטען, פיעלע מאל, די גרעסטע הכמים... דער קאפיטאליסטישער זומפ ווערט טיעפער פון טאג צו טאג, און עס מעהרען זיך און פרוכפערען זיך אלע מיאוס׳ע ברואים און שרצים. קליינע און גרויסע „פראפיטירס" האבען זיך אנגעזעצט ווי פיאווקעס אויף דעם קארג פון דעם ארימען ארבייטער, און עס איז לית דין ולית דין. דער יקרות שטייגט אויף פראדוקטען מיט אורזאכען און אהן אורזאכען. די ארבייטער־מאסען ווייסען ניט וויפיעל ס׳דארף זיין דער פרייז אויף דעם, אדער אויף יענעם פראדוקט. אט הערען מיר גאר, אז געוויסע בעקער באסעס אויף דער איסט סייד האבען געגרינדעט אן אסאסיאיישאן און מען האט געהעכערט דעם פרייז אויף ברויט, ראלס און אנדערע געבעקס. די ארבייטער־פרויען שרייען געבאך און פראטעסטירען, אבער די בעקער באסעס טוען זיך זייערס. דאס זעלבע טוען די בוטשער באסעס און אלע אנדערע באסעס, ביז וועמען מיר מוזען קויפען אונזערע פראדוקטען. וואס טוען מיר? מירווארטען נאך אלץ אויף א הכשר, און מיר פשט׳לען נאך אלץ מיט׳ן גראבען פינגער, ווייל מיר זיינען נאך אלץ אין ספק צי די קאאפעראטיווע באוועגונג איז כשר אדער ניט... און א גאנץ גרויסע צאהל ברענטשעס אין ניו יארק האבען זיך נאך אלץ ניט אנגעשלאסען אן דער „ארבייטער רינג קאאפעראטיווע געזעלשאפט". עס איז פארדריסליך, אבער גליקליכערווייזע האט די לעצטענס די לאגע אזוי געענדערט, אז פון פארצווייפלען קען ניט זיין קיין רעדע. מעהר ניט, מיר וואלטען געוואלט זעהן, די קאאפעראטיווע באוועגונג אין ארבייטער רינג זאל מאכען א ביסעל פעסטערע טריט. שוין אריבער 50 ברענטשעס האבען זיך שוין א[ngeשלאסען] אן דער „ארבייטער רינג קאאפעראטיווער געזעלשאפט". אזעלכע סאלידע און פעסטע ברענטשעס, ווי ברענטש 1, 5, 20, 24, 33, 42, 43, 80, 88, 132, 149, 177, 194, 199, 200, 201, 225, 31, 233, 241, 253, 288, 300, 301, 324, 333, 355, 359, 367, 410, 36 461, 475, 500, 501, 560, 569, 570 און 600 (פיעלע האלטען נאך אין פארהאנדלען), און ווען מען באטראכט, אז דא האט מען ניט אנגעשלאסען מיט א „פאפיערענער רעזאלוציע", נאר טאקי מיט שווערע הונדערטע דאלארס, מוזען מיר קומען צום שלוס, אז די קאאפעראטיווע באוועגונג אין א. ר. איז געקומען צו פארבלייבען, און וועט אויך זיין ערפאלגרייך, און עס איז אן אלטער כלל, אז יעדער ערפאלג קריגט דעם הכשר...

די „ארבייטער רינג קאאפעראטיווע געזעלשאפט" האט געגעבען אלס איהר ערשטע אויפגאבע צו בויען א גרויסע מאדערנע קאאפעראטיווע בעקעריי. אום צו באקענען אלע מעמבערס מיט דעם, וואס איז ביז יעצט אויפגעטאן געווארען און ווי מיר קענען דיעזע ווי[כ]טיגע אויפגאבע ערריכען אין א גאנץ קורצער צייט, ווערט פארדרו[פען] א קאנפערענץ אויף זונטאג, 1 אוהר, דעם 22טען יוני, אין גרויסען פארווערטס האל. פראמינענטע טוער און רעדנער פון דער קאאפעראטיווער באוועגונג וועלען אנוועזענד זיין. אלע אקטיווע מעמבערס און בעאמטע פון אלע ניו־יארקער ברענטשעס זיינען איינגעלאדען אנוועזענד צו זיין צו דיעזען וויכטיגען קאנפערענץ. האפענטליך וועלען זיי ניט פארפעהלען דיעזען היסטארישען מיטינג.

אסור, אויב אימיצער וועט אייך א שלעכט ווארט זאגען פאר׳ן פארשלאגען א נייעם מעמבער אין א. ר. נאכ׳ן קאמפיין.

* * *

...וואס שטעהט איהר עפעס אויפ׳ן שוועל מיט׳ן קלומעקעל אין האנד? גיכט אריין איבוועניג און ווערט א בירגער.

גרויסע טעג קומען אן, לאנגע טעג קומען אן. דערצו האבען נאך דעם זייגער א שטופ געטאן אויף א גאנצע שטונדע...

* * *

עס איז שלעכט מיט א דעמאקראטיע, וואס סענאטאר ק[...] דארף איהר פארטיידיגען.

# דער פראגרעס פון וויסענשאפט און טעכניק

## א נייע ערפינדונג, וואס וועט מעגליך מאכען א זיכערען לופט־פארקעהר

פון לאזאר סאמאילאוו

עס זיינען פאראן צוויי באזונדערע אפאראטען, מיט וועלכע מענשען זוכען צו באקעמפען די לופט. איין אפאראט איז די לופט־שיף, אדער באלון; און דער צווייטער אפאראט איז דער עראפלאן. צווישען די צוויי אפאראטען, אדער מאשינעס, איז דא א גרויסער און גרינדליכער אונטערשיעד. די לופט־שיף, אדער באלון, הויבט זיך אויף און האלט זיך אין דער לופטען דערפאר, ווייל ער איז אנגעפילט מיט א לייכטען גאז, וואס מאכט דעם באלון צוזאמען מיט די מאשינעס און משא, וואס געפינען זיך אויף איהם, א סך לייכטער פון דער לופט. און די עראפלאנען הויבען זיך אויף און טראגען זיך אין דער לופטען ניט קוקענדיג דערויף, וואס זיי זיינען שווערער ווי די לופט. דאס איז דער אונטערשיעד אין פרינציפ. דער באלון איז געבויט אויף דעם פרינציפ „לייכטער פון לופט“, און דער עראפלאן איז געבויט אויף דעם פרינציפ „שווערער פון לופט“. און דער וויכטיגסטער פראקטישער אונטערשיעד צווישען אט די צוויי אפאראטען באשטעהט אין דעם, וואס דער באלון קען שטעהן אין דער לופטען אויף איין ארט, און דער עראפלאן קען אין דער לופטען אויף איין ארט ניט שטעהן, ער מוז זיך שטענדיג באוועגען.

זינט די קונסט פון לופט־פליהעריי עקזיסטירט, סאי אין דער פראקטיקע און סאי אין דער טעאריע, איז צווישען זיי פארגעקומען א שטענדיגער קאמף. איין צד האט גע'טענה'ט, אז עס וועט זיכער זיעגען דער פרינציפ „לייכטער פון לופט“, און דער צווייטער צד האט גע'טענה'ט, אז זיעגען וועט דער פרינציפ „שווערער פון לופט“, און זינט די לופט־פליהעריי עקזיסטירט אלס א פראקטישע אנווענדונג איז דער זיעג אריבער עטליכע מאל פון איין זייט אויף דער צווייטער.

אין אנפאנג פון דער לעצטער מלחמה האט זיך אין דער לופטען באוויזען דער מעכטיגער דייטשער צעפעלין, וועלכער האט מיט זיך פארגעשטעלט די ענטוויקעלטע שטופע פון לופט־שיפען, דאס לעצטע ווארט פון לופט־פליהעריי. דער עראפלאן איז נאך דעמאלט געווען זעהר ווייניג ענטוויקעלט, און אלע האבען געגלויבט, אז דער באלון איז דער זיעגער. עס איז אבער אריבער א געוויסע צייט, און דער צעפעלין איז ביסלעכווייז פארשוואונדען פון צווישען די וואלקענס, ווערענדיג ארויסגעשטופט פון דעם עראפלאן, וואס האט זיך אנגעהויבען ענטוויקלען מיט זעהר שנעלע טריט. דער צעפעלין און די אלע אנדערע באלונען האבען אויסגעזעהן צו זיין א דורכפאל, הויפטזעכליך צוליעב פאלגענדע צוויי אורזאכען. ערשטענס, באוועגען זיי זיך א סך לאנגזאמער, ווי די עראפלאנען, און, צווייטענס, זיינען זיי אנגעפילט מיט א געפעהרליכען גאז, וועלכער קען זיך אנצינדען און אויפרייסען פון דעם קלענסטען פונק; און פון פונקען קען מען די באלונען ניט באפרייען צוליעב די מאטארען, וואס דארפען איהם ברענגען אין באוועגונג, און די הערשענדע מיינונג, וואס עקזיסטירט ביי הייטיגען טאג, איז דא, אז די לופט וועט דאך באזיעגט ווערען פון דעם עראפלאן.

און פאר די לעצטע מאנאטען ווערען איבעראל, אין אלע ציווילִיזירטע לענדער, געמאכט פארבערייטונגען אריבערצופליהען דעם אטלאנטישען אקעאן אין עראפלאנען, איבערהויפט, נאכדעם ווי דער אמעריקאנער קאפיטאן רעאד איז אריבערגעפלויגען מיט זיין מאשין דעם אקעאן דורך די אזארער אינזלען און דער אויסטראליער האוקער איז נאר דורך אן עקסידענט געשטערט געווארען צו פארענדיגען די געוואגטע רייזע. עלקאקס ...שט־פארענדיגטער, ערפאלגרייכער „שפרונג“ איבער'ן אקעאן אין זעכצעהן שעה, האט נאר צורייצט די פאנטאזיע פון צעהנדליגע לופט־פליהער קלייבען זיך אין אייפער־זוכט צו ברעכען אלע פריהערדיגע רעקארדס. אין דייטשלאנד בויט מען איצט ריזיגע עראפלאנען, מיט וועלכע מען קלייבט זיך אנצופאנגען א פארקעהר מיט אמעריקא, ווי נאר דער פריעדען וועט ווערען אונטערגעשריבען. דער באוואוסטער ערפינדער און בויער פון עראפלאנען, קאפראני, פון איטאליען, גרייט זיך אויך אריבערצופליהען דעם אקעאן, און צוליעב דעם וועט ער, מעגליך, באלד קומען קיין אמעריקא. עהנליכע פארבארייטונגען קומען פאר אין ענגלאנד און פראנקרייך.

עס איז אבער דא ווייניג גרונד צו האפען, אז דער עראפלאן זאל זיך ווירקליך ענטוויקלען אין א מאשין פון רעגעלמעסיגען פארקעהר איבער דער לופט. דער עראפלאן איז נאך דערווייל ניט קיין גענוג זיכערע מאשין פאר אזעלכע צוועקען. מען קען אלע מאל געפינען א געוויסע צאהל רייכע יונגעלייטלאך, וואס וועלען זיך לאזען קאסטען עטליכע הונדערט דאלאר פאר דעם פארגעניגען צו מאכען א רייזע אין דער לופטען, און דער געפאהר, מיט וועלכען אזא רייזע איז נאך איצט פארבונדען, וועט זיי נאך מעהר צו דעם אויפרעגען און באוועגען. מען קען אבער ניט געפינען גענוג בעלנים, וואס זאלען זיך לאזען קאסטען א סך געלד און וועלען ריזיקירען מיט זייערע לעבענס און צוליעב וועלכע עס זאל זיך לוינען אנצוהאלטען א רעגעלמעסיגען און שטענדיגען לופט־פארקעהר. און זאל זיך אפילו איינגעבען איבערפליהען דעם אקעאן מיט נאך עטליכע עראפלאנען, וועט עס נאך ניט הייסען, אז די לופט איז ווירקליך באזיעגט געווארען. מיר וועלען זאגען, אז די לופט איז ווירקליך באזיעגט געווארען נאר דאן, ווען מען וועט קענען פאהרען אין דער לופטען אזוי באקוועם און זיכער, ווי מיט אייזענבאהנען אויף דער ערד, אדער מיט שיפען אויפ'ן וואסער. און פון דעם זיינען מיר נאך איצט זעהר ווייט.

ניט לאנג צוריק האט מען אבער געמאכט א נייע ערפינדונג, וועלכע וועט מעגליך אין גאנצען ענדערען די לאגע.

מיר האבען פריהער געזאגט, אז דער הויפט חסרון פון די באלונען באשטעהט אין דעם, וואס זיי זיינען אנגעפילט מיט א געפעהרליכען גאז, וואס קען זיך לייכט אנצינדען און עקספלאדירען פון איין איינציגען פונק. הייסט עס,, אז ווען מען זאל ערפינדען אן אנדער גאז, וואס זאל זיין אי גענוג לייכט אי ניט האבען די געפעהרליכע אייגענשאפטען פון די עקזיסטירענדע גאזען פאר באלונען, וואלט עס געווען א לייזונג צו דער פראגע. און אזא גאז האט מען ווירקליך ערפונדען. דאס איז דער „העליאום“. דער גאז איז ניט קיין נייער, עס איז שוין א געשיכטע פון עטליכע צעהנדליג יאהר ווי מען ווייסט פון איהם, אבער אמאל האט ער געקאסט זעהר טייער. צו פראדוצירען איין קוביק פוס פון העליאום פלעגט אמאל קאסטען 1,500—2,000 דאל., און יעדער באלון דארף האבען הונדערטער טויזענדער קוביק פוס פון אט דעם גאז. אבער איצטער האט מען ערפונדען א מיטעל צו פראדוצירען דעם זעלבען העליאום אין זעהר גרויסע מאסען און ער זאל ניט קאסטען מעהר ווי צעהן סענט איין קוביק פוס. דער דאזיגער העליאום איז אביסעל שווערער, ווי דער וואסערשטאף, מיט וועלכען מען פלעגט אנפילען די באלונען אמאל, ער איז אבער גענוג לייכט אויפצוהויבען א באלון, מיט גענוג שווערע משא, און באזיצט ניט די געפעהרליכע אייגענשאפטען פון וואסערשטאף. און דעריבער איז דא א פולער גרונד צו האפען, אז דער דאזיגער העליאום וועט גיבען דער גאנצער קונסט פון לופט־פליהעריי א נייע ריכטונג; און אויב די לופט וועט ענדליך דאך באזיעגט ווערען, וועט עס זיין מיט דער הילף פון חעליאום.



# צוויי פייגעל

(א צייט־בילד פונ׳ם קינדער־לעבען)

פון י. ב. ביילין



איבער׳ן שטעדטעל האָט אדורכגעשטרייפט א גרויסער, משונה׳דיגער עראָפּלאַן. גרויס און קליין זיינען ארויסגעלאָפען פון די הייזער דערהערענדיג א מאָדנעם פארטויבענדען הודזשען און רוישען. אַנדערע פון זיי, איבערהויפּט עלטערע אידען, האָבען מיט ציטערדיגע בערד, אין שרעק, געפליסטערט: שוין ווידער מסתמא די פּאָלאַקען! איינינע ווידער, וואָס האָבען שוין געהאט די געלעגענהייט צו זעהן אן עראָפּלאַן אין אן אנ־דער שטאָדט, האָבען פארשטאנען, וואָס דאָס גרילצעריי מיינט. אָבער ביז וואַנען זיי זיינען ארויסגעקומען אויף דער גאס איז שוין פון דעם עראָפּלאַן געוואָרען א קליין פינטעלע אין דער ווייטקייט, כאָטש א שוואכער גערויש האָט זיך נאָך אלץ, אויף א ווייל, פון דאָרט געהערט. די עטליכע גליקליכע, וואָס זיינען גראָד דעמאָלט געוועזען אויפ׳ן גאס און האָבען איהם געזעהן נאָ־הענט גענוג, אז זיי זאָלען איהם קענען אָפּמאָלען; זיינען אומעטום געווען ארומגערינגעלט פון פיעל נייגיעריגע און דערשראָקענע מענער און פרויען.

די קינדער זיינען געשטאנען אין באזונדערע רעדלאך מיט ווייט אָפענע אויגען און אויערען און האָבען זיך צוגעהערט, ווי איינער פון זיי, שלמה, א בלאסער, דארער אינגעל, האָט פאר־ענדיגט זיין ערצעהלונג:

— „זיין גרויס איז געווען, אָט ווי די הויז, וואָס איז אקעגען, מיט אזעלכע לאַנגע אויסגעשטרעקטע פליגלען און אן עק אקור־ראט, ווי ביי א פיש“...

— „עס איז א האלבער פיש און א האלבער פויגעל“ — האָט אהרן דעם שוחט׳ס אינגעל אריינגעזאָגט.

— „וואָס, האָסט א ו י ך געזעהן?! — ווי געפעלט אייך דער חכם?“ — האָט שלמה מיט גאַל אויסגעשריען.

— „דער טאטע האָט עס מיר געזאָגט!“ — האָט דעם שוחט׳ס אינגעל א פארשעהמטער געענטפערט.

— „דיין טאטע איז טאקע א מבין אויף א ג ע וו ע ה נ־ל י כ ע ן עוף, און דאָס נאָך נאָר ווי אזוי צו שעכטען איהם!“— האָט איהם ש ל מ ה גלייך אָפּגעענטפערט.

א געלעכטער האָט ארויסגעפלאצט און אהרן האָט זיך ווי א גנב ארויסגערוקט פון דעם רעדעל.

— זיין טאטע וועט אין כעס זיין אויף דיר און וועט ניט קוילענען אייערע עופות! — האָט ש ל מ ה ׳ן אן אנדער אינ־געל געוואָרענט.

פון דעם וויץ האָט שוין אָבער קיינער ניט געלאַכט. אלע האָבען זיך דערמאָנט, אז זיי האָבען שוין ניט אָנגעזעהן אין זייערע אויגען פאר א גאנץ לאנגער צייט א שטיקעל פלייש.

צווישען זיי איז אָבער געווען איין אינגעל, וואָס זיין מוח׳ל איז געווען אזוי פארטאָן אין גרויסען פויגעל, וועגען וועלכען שלמה האָט דערצעהלט, אז ער האָט אינגאנצען פארהערט די לעצטע באַמערקונג וועגען די עופות. ער איז אפילו אויך געווען א אויסגעהונגערטער און אן אויסגעדארטער, אָבער דאָס שטאַר־קע גערויש פון דער פליה־מאשין צוזאמען מיט דער שילדערונג פון דעם הויכען אינגעל, וואָס ער האָט נישט געקענט, האָט איהם זיין הונגער אינגאנצען פארטריבען. איהם האָט זיך זעהר געוואָלט וויסען נאָך פארשיעדענע איינצעלהייטען וועגען דעם משונה׳דיגען פויגעל, אָבער ער איז געווען א שעמעוודיגער און האָט זיך צוריקגעהאלטען פון פרעגען.

— וואָס ביזטו עפּעס אזוי פארגאפט, א י צ י ק ע ל? — האָט איהם א באקאנט מיידעלע א פרעג געטאָן, — האָסט שוין היינט געהאט דיין ברויט?...

איציקעל האָט זיך אויפגעכאפּט ווי פון שלאָף. ער האָט אָבער לעבהאפט געענטפערט:

— שוין געהאט, ווי דען, נאָך אין דער פריה, א גאנץ היבשען פעניץ אויך. ווייסט — האָט ער שטילער צוגעגעבען — זייט מירעל איז קראנק געוואָרען גיט דאָך אונז די מאמע גרע־סערע פעניצען...

— און וואָס מאכט יעצט מירעל? — האָט דאָס מיידעל זעהר מיטפיהלענד געפרעגט.

— נאָך אלץ ווי געוועזן... דער דאָקטאָר האָט דעם טאטען געזאָגט, מיט עטליכע טעג צוריק, אז יעדע קראנקהייט וואָס קומט פון שרעק קען זיך ניט אזוי גיך אויסהיילען, סיידען —

צווישען די קינדער איז מיט אמאָל געוואָרען א טומעל. זיי האָבען זיך גענומען דרענגען ארום עפּעס, איינינע אין אנגסט, אַנדערע גאָר היסטעריש. איציקעל און זלאטקע, דאָס מיידעל מיט וועלכער ער האָט גערעדט, שטעהענדיג אָן א זייט, האָבען ניט געוואוסט, וואָס דאָרט איז פאָרגעקומען.

— וואסער! וואסער! — האָבען איינינע געשריען פאר־צווייפעלט.

— עס איז בערע דעם שוסטער׳ס אינגעל! שוין דריי טעג ניט געהאט קיין ברויט!

— גע׳חלש׳ט!

די אויגעלאך פון די קינדער, וואָס האָבען אזוי אויך מאָדנע געפינקעלט, זיינען געוואָרען ווי אָנגעגליהט. עס זיינען צונע־לאָפען מענשען פון אלע זייטען צו ראטעווען דאָס גע׳חלש׳טע קינד. נייע רעדלאך האָבען זיך געבילדעט און געטומעלט ביי עטליכע פון דער מיליץ זיינען אָנגעקומען און האָבען געבראַכ[ט] א פוהר צו נעמען דעם אינגעל אין שפּיטאָל.

ווען זלאטקע האָט גענומען אוועקגעהן אהוים האָט זי גע־בעטען איציקלע׳ן ער זאָל איבערגעבען מירעלע׳ן א גרוס פו[ן] איהר.

— זאָל זי גיך ווערען געזונט און שטארק! — האָט זלאט־קע געוואונשען, אָבער איציקלע׳ן האָט עפּעס א ציה געטאָן אי[ן] הארץ, ווען ער האָט זיך דערמאָנט, אז ווען זיין שוועסטער וועט געזונט ווערען, וועט ער קריגען א קלענערען חלק ברויט. ער האָ[ט] זיך פאר זיך אליין פארשעהמט, וואָס ער וויל, אז מירעלע זאָ[ל] זיין־קראנק און א גליים טוענדיג די אויגען צום הימעל האָט ע[ר]

זיך אין זיין געראנק געפרובט פארענטפערען: ביז ס'וועט ווערען שלום.

ער האט זיך דערמאנט, ווי זיין טאטע האט מיט עטליכע טעג צוריק פארזיכערט די מאמע'ן, אז עס האלט שוין אט א, ביי'ם סאמע סוף.

— „זאלען זיך נאר די גרעניצען עפענען, וועט שוין קיין ברויט ניט פעהלען!" — קלינגט איהם נאך אין די אויערען זיינע רייד. א, ווי ער וואלט עס געוואלט, אז דער טאטע זאל עס איהם דערצעהלען נאך און נאך וועגען שלום. א, וואס פאר א גוטע זאך שלום מוז עס זיין. ניט נאר קען מען דעמאלט האבען ברויט גענוג, נאר אפילו פלייש אויך, און בוטער און קעז, ווי ביי די אמת'ע גבירים...

און זעהענדיג דאס קעז כמעט ווי מיט זיינע אויגען דערמאנט ער זיך דעם חלום, וואס עס האט זיך איהם היינט פארטאג גע'חלומ'ט:

דער קאנאריקעל איז צוריק לעבעדיג געווארען און שפרינגט ווידער אום אין דער שטייג, וואס הענגט נעבען דעם זיידענ'ס בילד. ווי אזוי איז ער לעבעדיג געווארען — האט איהם אפילו א ביסעל געוואונדערט, אבער ער איז באלד געקומען צום באשלוס, אז מסתמא איז דאס פריהער געווען א חלום — מ'האט דעם קאנאריקעל גארנישט געשאכטען. אט איז ער דאך, א לעבעדיגער, מיט זיינע צוויי פיפיגע אייגעלאך. אט הערט ער דאך איהם טרילערען מיט זיינע אייגענע אויערען. ער זינגט, דוכט זיך, נאך שעהנער ווי שטענדיג, פרעהליכער, לעבעדיגער, ניט אזוי אומעדיג ווי ער האט עס געטאן פאר דער לעצטער צייט... מיט א מאל דערזעהט ער א גרויסען רונדיגען קעז הענגט אויף א שטריקעל אין דעם שטייג און דער קאנאריק פיקט און פיקט. א זונג און א פיק, א זונג און א פיק. ער בעט דעם קאנאריק: גיב מיר, שפארבער, א שטיקעלע קעז — און דער קאנאריק פיקט אפ א היבש שטיקעל קעז און ווארפט עס איהם אראפ...

א טעמפער וועהטאג שניידט זיך איין אין איציקעל'ס הארצען, ווען דער חלום האט זיך איבערגעשפיגעגט נאך א מאל ביי איהם אין קאפ. ער וואונדערט זיך נאר, ווי אזוי האט ער געקענט עס גאר גלויבען אויף איין מינוט, אז דער קאנאריק לעבט. ער האט דאך אליין געגעסען צום ערשטען סדר זיין פליגעלע... ווי זיס עס איז געווען, אזוי זיס ווי ער האט שטענדיג געזונגען...

ער דערמאנט זיך דעם אווענט פאר פסח, ווען די מאמע האט נעבראכען די הענט און מיט פארצווייפעלטע אויגען צוגעשטאנען צום טאטען, ער זאל ארויס אין גאס און כאטש וואס ניט איז קריגען אויף יום־טוב.

— איז כאטש א פישעלע, אדער עטליכע פונט מצה־מעהל — האט זי איינגע'טענה'ט. — נעם מיין חופה־פינגערעל, צו וואס דארף איך עס — און קויף עפעס...

דער טאטע האט א טיעפען זיפץ געטאן: דיין פינגעריל, מישטיינס נעזאגט, דו קענסט דאך אפילו קיין דריי פונט קארטאפעל דערפאר ניט קריגען. ווער דארף עס און ווער וויל עס?...

איציקעל געדענקט נעבוי, ווי דער פאטער האט אנגעהויבען ארומצושפאנען איבער'ן שטוב, איבערגעקוקט אלע זאכען, ווי ער וואלט אפשאצען וואס קען מען נאך פארקויפען, און זיין אויג האט זיך אפגעשטעלט אויף א וויילע אויפ'ן זיידענ'ס בילד. איין טאטע האט געקוקט פרענענדיג אויפ'ן צווייטען טאטען, ווי ער וואלט ביי איהם פרעגען אן עצה, ווי ער וואלט איהם זאגען: טאטע, צו וואס מיר האבען עס דערלעבט...

מיט א מאל האט דער קאנאריק א וויינענדיגען טרילער געטאן, ווי ער וואלט געמאנט ביי דעם טאטען פארוואס ער גיט גיט איהם ניט צו עסען. דעם טאטענס בליק האט זיך א קעהר געטאן פון זיידענס בילד צו דעם קאנאריק. איציקעלע'ן דוכט זיך, אז ער וועט קיינמאל, קיינמאל ניט פארגעסען דעם בליק. זיין אויג האט אויפגעבליצט ווי א חלף, דער אויסגעשטארצטער ביין פון באק האט זיך מארנע איינגעצויגען, אזוי אז דאס ביסעל האר אויף איהם האט זיך ווי אויפגעשטעלט.

— פריידע, — האט ער זיך צו דער מאמען געווענדט מיט א געמאכטען מוט — מיר וועלען האבען אן עוף אויף יום־טוב...

— אן עוף?... — האט אויך מירעלע פון בעט זיך א כאפ געטאן.

איציק האט אין איין אויגענבליק אלעס פארשטאנען. ער האט שוין ניט געדארפט ווארטען דער טאטע זאל געבען צו פארשטעהן. ער האט געפיהלט ווי אימיצער זאל פארטשעפען זיין הארץ מיט אן אייזערנעם הוק און ציהען, ציהען...

אבער באלד איז איהם לייכטער געווארען א ביסעל... דער טאטע זאגט: ער וועט דאך סיי־ווי־סיי פגר'ן, מיט די עטליכע ברעקלאך קענען מיר דאך זיך אליין ביי דעם לעבען דערהאלטען... טו זאל מען כאטש איבער איהם א ברכה מאכען...

— איך האב עס אליין געוואלט דיר פריהער זאגען — געדענקט איציקעל ווי די מאמע האט מיט א זיפץ געענטפערט — עס איז דאך א רחמנות צו זעהן ווי א לעבעדיגע זאך מוטשעט זיך און געהט אוים פאר הונגער...

עס איז דערנאך שטיל געווארען אין שטוב. דער טאטע האט זיך, ווי א גנב, ארויסגע'גנב'עט מיט'ן קאנאריקעל, און ווען ער איז צוריקגעקומען פון שוחט, האט ער עפעס ווי א שטיקעל שמאטקע א ווארף געטאן דער מאמען:

— נא, וועסטו שוין האבען מיט וואס יום־טוב צו מאכען, גאט פארלאזט ניט, דער שוחט האט מיר יעצט געזאגט, אז מ'שיקט פון אמעריקא נאך פינף פוד מצה פאר אונזער שטעדטעלע...

איציקעל געדענקט אויך, אז ווען ער האט געגעסען דאס זיסע פליעגעלע פון קאנאריקעל, האט זיך איהם עטליכע מאל אפגערוכט, ווי ער זינגט איהם ארוים פון מויל... — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די קופקעלאך מענשען אויף דער גאס זיינען קלענער געווארען. די קינדער האבען זיך אויף דער ערד צוזעצט און זיך מעשות פארצעהלט. אנדערע האבען נאך אלץ גערעדט פון דעם עראפלאן און וועגען דעם, וואס עס קען באדייטען. איציקעל האט זיך ווידער גענומען זעהר גוט צוהערען וועגען דעם עראפלאן מיט זיינע גרויסע פליגלען, און ווען די אינגלאך זיינען זיך שוין שפעט אין אווענט צוגאנגען, איז ער נאך צוגעגאנגען צום בית־מדרש, וואו אידען האבען גערעדט וועגען די פוילישע פאגראמען און וועגען דעם שלום, וואס דארף באלד קומען. איציקעל האט זיך צוגעהערט צו יעדען ווארט, אקוראט ווי ער וואלט גלויבען, אז דער שלום וועט גיכער קומען, ווען ער וועט אלעס וויסען...

און אין דער נאכט, ווען ער איז געשלאפען, זיינען איהם שוין צוויי פייגעל געקומען צו חלום: דער גרויסער ריעזיגער פויגעל, וואס פליהט מיט א מאשין און דערשרעקט אלעמען מיט זיין הוזשעריי, און דער קליינינקער זינגעדיגער קאנאריקעל, מיט זיינע שעהנע טרילען. אין חלום האט ער נאך ביי איהם אלץ געלעבט...




# געזונדהייטס-כללים

פון דר. היימאן קאהן

אויב אייער געזונדהייטס ערבשאפט איז ניט קיין גוטע — מוזען אייערע אומגעבונגען זיין פיעלפאך גוט.

* * *

ווען איהר צאהלט פאר פוטער נעהמט ניט קיין שפּנעקאלכטע מאזש.

* * *

קאנסאמפשאן באצילען האבען ליעב לונגען און האבען פיינט לופט און ליכט.

* * *

דער ערגסטער פון אלע קלימאטען איז „שלאף־צי־מער"־קלימאט.

* * *

אויב איהר ווילט ניט קריינקען נאכ'ן עסען זאלט איהר דענקען פאר'ן עסען.

* * *

אונפארזיכטיגער שפייען פארשפרייט קאנסאמפשאן; עס איז ווערטה מעהר ווי א „שפיי" ניט צו שפייען.

* * *

ווען איהר זייעט „ווילדע קערנער" דענקט וועגען (אפ)שניט צייט.

* * *

דער וואס קויפט ענגע שיך הינקט אויפ'ן שכל.

* * *

דער בעסטער אנבייסען באשטעהט פון א וואנע, א שפאציער און עטוואס שפייז.

* * *

געהן הינטער א בארג שמאלץ איז געהן „בארג אראפ"

* * *

ווען מען איז געזונד קען מען גארניט האבען געגען באבסקע רפואות.

* * *

„רייבען" און „פאקען" גיבען דעם מאגען „האלז און נאקען".

* * *

כעס און צארן מאכען קורץ די יאהרען.

דיפטהעריע איז א קראנקהייט א שלעכטע: דערצו איז אנטיטאקסין א רפואה א רעכטע.

* * *

צו מאכען שפייז אפעטיטנע — ארבייט דאפיר.

* * *

„צו שטארבען פון נאטירליכען עלטער איז א זאנדער־בארער אויסערגעווערהנליכער טויט" — יא, די אײלעניש מיט וועלכער מיר זוכען זיך „אריבערצופעקלען" איז שטוינענד.

* * *

עס איז ניט כדאי יונגע קינדער פון דער וועלט אוועקצושיקען צוליעב דעם קלענערען פרייז פון א קינ־דערשען קבר־קאסטען.

* * *

פיעלע מענשען הויבען אן פאנאנדערוואַרפען זייער אייגענע קערפער־געביידע איידער עס איז נאך פאלקאמען אויסגעבויט.

* * *

די איינציגע זאך וואס א רואינירענער ארט לעבען בויט אויף איז א מצבה.

* * *

ווען דער מענש האט זיך פון אנפאנג גענומען בויע א הויז האט ער עס געטאן זיך צו באשיצען: יעצט ווער ער נידערגעשטירצט פון די פארפעסטעטע טענעמענטס.

* * *

לאנגע ארבייטס־שטונדען נוצען אזוי אפ דעם לע בענסשנור, אז עס האלט זיך ביים איבעררייסען.

* * *

אן אפענע פענסטער ווייזט קראנקהייט דעם וועג איז פאר לופט און געזונד א שטעג.

* * *

שמוץ איז זינד, לאזט עס אוועקפליסען מיט וואסע

* * *

א שלעכטער גערוך איז א גוטער וועגווייזער שלעכטע סאניטארע באדינגונגען.

# פראָטאָקאָלען פון דער 19טער יעהרליכער קאָנווענשאָן פון אַרבייטער רינג

## געהאַלטען אין דעטראָיט, מישיגען, מאַי 4--10, 1919

די 19טע יעהרליכע קאָנווענשאָן פון ארבייטער רינג ווערט געעפענט זונטאג דעם 4טען מאַי, 3:30 נאכמיטאג, אין ארינא גארדען, דעטראָיט, מישיגען.

פריינד בערענשטיין, טשערמאַן פון דער דעטראָיטער קאָנווענשאָן אראנדזשמענט קאָמיטע, רופט די אנוועזענדע צו אָרדער און ער באַגריסט די דעלעגאַטען. ער דריקט אויס צופריעדענהייט וואָס צו דעטראָיטער ברענטשעס פון אַרבייטער רינג איז צוגעטיילט געוואָרען די עהרע צו האָבען די 19טע יעהרליכע קאָנווענשאָן פון אַרבייטער רינג אין דעטראָיט. ער ערקלערט, אַז די אראַנדזשמענט קאָמיטע האָט געמאַכט אַלע נויטיגע אראַנדזשמענטס פאַר דער באַקוועמליכקייט פון די דעלעגאַטען און ער האָפּט, אַז די קאָנווענשאַן וועט זיין אַזאַ, ווי עס פּאַסט פאַר דעם אַר. רינג.

נאָך זיין באַגריסונג שטעלט ער פאָר דעם דעטראָיטער אַרבייטער רינג אָרקעסטער, וועלכער שפּיעלט איינינע סעלעקשאָנס און ווערט גאַנץ וואַרעם אַפּלאָדירט פון אַלע אנוועזענדע. אויך שטעלט ער פאָר דעם דעטראָיטער אַרבייטער רינג כאָר. זיי זינגען איינינע ליעדער, ווערען גאַנץ וואַרעם אויפגענומען פון די דעלעגאַטען און געסט.

ער שטעלט פאָר פריינד עפּשטיין, דעם טשערמאַן פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע, צו וועמען ער גיט איבער די ערעפנונג און די אויפזיכט פון דער קאָנווענשאַן.

פריינד עפּשטיין עפענט די קאָנווענשאָן. און אין נאָמען פון דעם ארבייטער רינג און אין נאָמען פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע באַגריסט ער די דעלעגאָטען און געסט.

ער האָלט דערביי אַ לענגערע רעדע, אין וועלכער ער ערקלערט, אַז די מלחמה אין לעצטען יאָהר, צוזאַמען מיט דער מגפה, האָבען פערניכטעט טויזענדע יונגע לעבענס און אָפּגעשוואַכט די כחות פון די מעהרסטע אָרגאַניזאַציאָנען. אויך דער אַרבייטער רינג האָט אין לעצטען יאָהר דורך דעם געהאַט שווערע פערלוסטען, אַבער טראָץ דעם קומען מיר דאָך צו דער 19טער קאָנווענשאָן מיט אַ פאַרשטאַרקטער אַרמעע פון נייע 10 טויזענד מיטגליעדער אין אונזערע רייהען און מיט אַ פאַרבעסערטען פאָנד אין אונזער פאַרמעגען.

נאָכדעם ווי דער רעדנער האָט אויפגעפאָדערט, און אַלע אנוועזענדע האָבען זיך אויפגעשטעלט, צו עהרען די פאַרשטאָרבענע אַרבייטער רינג מיטגליעדער אין דעם לעצטען יאָהר, האָט ער ווייטער פאָרטגעזעצט און געזאָגט:

אַבער מיר זיינען ניט געקומען צו דער הייאָהריגער קאָנווענשאַן זיך צו ריהמען בלויז מיט אונזער וואוקס און פאַרמעגען. מיר קומען צו דיעזער קאָנווענשאַן אויך מיט אַ רעקאָרד פון רעוואָלוציאָנערער און ערפאָלגרייכער טעטיגקייט. אונזער פּראָגרעס וואָס צוליעב אורזאַכען האָט אונזער הייאָהריגע קאָנווענשאַן ניט געקענט געעפענט ווערען אין דעם טאָג פון אינטערנאַציאָנאַלען יום־טוב — דעם ערשטען מאַי. מיר האָבען ניט געהאַט די געלעגענהייט אין יענעם טאָג, צוזאַמען מיט די גרויסע ראַדיקאַלע אַרבייטער־מאַסען, צו פּראָטעסטירען און צו פאָדערען די באַפרייאונג פון די פּאָליטישע און אינדוסטריעלע קעמפּער, אַבער דערפאַר זיינען אונזערע צעהנדליגע טויזענדע מיטגליעדער דעם גאַנצען פאַרגאַנגענעם יאָהר, ווי שטענדיג, געווען מיט זייער גוף און נשמה צוזאַמען מיט אַלע רעוואָלוציאָנערע קעמפּער, אויף דער פריי ווי אונטער די גראַטעס. און איך בין איבערצייגט, אַז איך וועל אויסדריקען די געפיהלען אין דעם ערנסטען פּראָטעסט פון אַלע אונזערע מיטגליעדער פון לאַנד, פון די דעלעגאַטען און פריינד, וואָס געפינען זיך אין דיעזען האַלל, ווען איך וועל דאָ היינט אין זייער נאָמען אויסשרייען: מיר פאָדערען די באַפרייאונג פון אונזער אַלטען ליעבען הבר יודזשין וו. דעבס און די באַפרייאונג פון אַלע פּאָליטישע אַרעסטירטע. מיר בעטען ניט פאַר זיי קיין באַגנאַדיגונגען, ווייל זיי צוזאַמען מיט אונז אַלע האָבען געקעמפט און וועלען ווייטער קעמפען פאַר גערעכטע פאָדערונגען. אונזער קאַמף איז פאַר אַ וועלט, וואו די מענשהייט זאָל זיין איין גרויסער פאַרזיכערונגס־אָרדען. אונזער קאַמף איז פאַר אַ וועלט פון פרייהייט און גלייכהייט.

אונזערע דעלעגאַטען, ווי אונזערע פריינד, וועלכע וועלען ביי־וואוינען די קאָנווענשאַן זיצונגען, וועלען האָבען אַ געלעגענהייט צו הערען גענויערע באַריכטען וועגען דער טעטיגקייט פון אונזער נאַציאָנאַלער פאַרוואַלטונג, ווי פון אונזערע ברענטשעס, אין דעם פאַרגאַנגענעם יאָהר. אין אונזער געזעלשאַפטליכער טעטיגקייט האָבען מיר אויך דעם יאָהר ניט פאַרגעסען אונזערע אידישע מלחמה קרבנות פון יענער זייט ים. ביי דיעזער געלעגענהייט וויל איך דאָ בלויז בעטען די ערלויבניש פון אַלע אנוועזענדע אויסצודריקען אין זייער נאָמען דעם מעכטיגסטען פּראָטעסט גענען די נייע שוידערליכע פּאָגראָמען אויף אונזערע שוועסטער און ברידער, וואָס זיינען ערשט דורכגעפיהרט גע־וואָרען פון די אָרגאַניזירטע שוואַרצע באַנדעס אין די שטעדט פון פּוילען. ווען איהר וועט הערען אונזערע באַריכטען, וועט איהר זיך איבערצייגען אויף ווי וויט דער אַרבייטער רינג איז ניט נאָר דער גרויסער אַרבייטער־פאַרזיכערונגס־אָרדען, נאָר אויך אַ מעכטיגער טייל פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבייטער־באַוועגונג. מיר באַדויערען וואָס דער היגער לאָקאַל פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי האָט — ווי מיר האָבען געהערט — זיך ענטזאָגט צו באַגריסען אונזער קאָנווענשאַן, ווייל אונזער אָרגאַניזאַציאָן איז ניט רעוואָלוציאָנער גענוג, לויט זייערע מיינונגען. אָבער מיר גלויבען אונזערע גענאָסען פון לאָקאַל דעטראָיט, אַז זיי פאַרשטעהען ניט גענוג אונזער אָרגאַניזאַציאָן. זיי האָבען אין זייער מיינונג וועגען אונז אַ טעות. מיר אָבער אין זיי האָבען קיין טעות ניט, און דאָרום ווילען מיר דאָ זיי באַגריסען. אונזערע הערצער זיינען מיט זיי און וועלען זיין מיט זיי, ווי מיט אַלע קעמפענדע סאָציאַליסטען פון דער וועלט." (שטורמישע אַפּלאָדיסמענטען).

פריינד עפּשטיין נעהמט דאַן פאָר נאָמינייזשאָן פאַר'ן ציי־טווייליגען טשערמאַן, און פריינד באַקסט ווערט ערוועהלט.

פריינד באַקסט האַלט אַ קורצע רעדע. ער באַגריסט די דעלעגאַטען און געהט איבער צום טאַגעס־אָרדנונג פון קאָנווענשאַן. ער נעהמט פאָר וואַהלען פאַר דעם צייטווייליגען סעקרעטער פון קאָנווענשאָן, און די פריינדע פיינערמאַן און פערלאָוויץ ווערען ערוועהלט.

עס ווערט פאָרגעשלאָגען און איינשטימיג גוטגעהייסען, אַז דער טשערמאַן זאָל אַפּאָינטען אַ קרעדענשעל קאָמיטע פון 5, און פאָלגענדע ווערען פון טשערמאַן אַפּאָינטעט: גאַלפּערט, פון שיקאַגאָ; ווייסבערג, פון פּיטסבורג; קאַוויטץ, פון באַלטימאָר; איז. קאָהען און פילאַט פון ניו יאָרק.

גענאָסע וולאַדעק באַגריסט די קאָנווענשאַן אין נאָמען פון „פאָרווערטס" אַסס'ן און „פאָרווערטס" רעדאַקציע. צווישען אַנדערעם זאָגט ער, אַז אין דער צייט, וואָס דער אַרבייטער רינג

פייערט די עפענונג פון דיעזער קאָנווענשאָן, זיינען די אומשטענדען אויסערגעוועהנליכע, אָבער פון שטאַנדפונקט פון אַ. ר. קענען זיי ניט זיין מעהר קיין צופריעדענשטעלענדערע. יעצט קענען מיר שוין אָנפאַנגען צו פייערען די גרינדונג פון אַ נייעם אַרבייטער רינג ברענטש 1 אין רוסלאַנד, ברענטש 2 אין אונגאַרן, און ער האָפט, אַז צו דער נעקסטער 20 יעהריגער קאָנווענשאָן פון אַר. רינג וועלען צו דיעזע 2 נייע ברענטשעס צוקומען נאָך פיעלע נייע ברענטשעס אויף דעם ערדקוגעל.

פריינד גוסקין באַגריסט די קאָנווענשאַן אין נאָמען פון די ניו־יאָרקער געווערקשאַפטען. ער זאָגט: עס איז געווען אַ צייט ווען פיהרער פון דער טרייד־יוניאָן באַוועגונג האָבען נישט פאַרשטאַנען און געווען פיינדליך צום אַרבייטער רינג. אָבער יענע צייט איז אַוועק און די פיהרער פון דער טרייד יוניאָן באַוועגונג מוזען יעצט צוגעבען, אַז דער אַרבייטער רינג איז אַ גרויסע שטיצע צו דער טרייד יוניאָן באַוועגונג, און צו פאַרדאַנקען דעם אַרבייטער רינג זיינען פיעלע פון די אַרבייטער־קעמפּע די לעצטע יאָהרען געוואונען געוואָרען. ער האָפט, אַז אויך אין דער צוקונפט וועלען די געווערקשאַפטען אַרבייטען האַנד אין האַנד מיט'ן אַרבייטער רינג, סאָציאַליסטישער פאַרטיי און דעם „פאָרווערטס".

אַ פאַרטרעטער פון לייבאָר לייסעאום קאָמיטע פון דעטראָיט באַגריסט די קאָנווענשאַן אין נאָמען פון לייסעאום אסס'ן.

ראָזענפעלד באַגריסט די קאָנווענשאַן אין נאָמען פון די פועלי־ציון. „אונז — זאָגט ער — זיינען טייער די 70 טויזענד מעמבערס פון אַרבייטער רינג און מיר באַגריסען זיי. אונזערע אינטערעסען זיינען די זעלבע ווי אייערע, אונזערע האָפנונגען זיינען געמיינשאַפטליכע."

דר. האַלפּערין באַגריסט די קאָנווענשאַן אין נאָמען פון דער סאַנאַטאָריום מעדיקאַל באָארד:

„דער אַרבייטער רינג מעג שטאָלצירען מיט זיין אינסטיטוציאָן, דעם סאַניטאַריום. פון אַרבייטער רינג סאַניטאַריום געהען אַרויס אַ גרעסערער פּראָצענט פּאַציענטען, וואָס זייער קראַנקהייט ווערט אָפּגעשטעלט, ווי פון אירגענד וועלכע אַנדערע סאַניטאַריומס אין לאַנד."

דר. קלימענקאָ באַגריסט די קאָנווענשאַן אין נאָמען פון דער מעדיקאַל אַדווייזערי באָארד:

זיין שליחות צו דער קאָנווענשאַן פון דער באָארד — ערקלערט ער — איז אויסצובעסערען און פאַרבאַרייטען דעם אַרבייטער צו זיין אַ געזונדערער מענש אין גייסט און אין קערפּער.

פינקעלשטיין באַגריסט אין נאָמען פון רעם דאַון־טאַון'ער אידישען בר. ס. פּ. ער באַמערקט דערביי, אַז ער באַגריסט דעם אַרבייטער רינג אין נאָמען פון יענער פאַרטיי, וועלכע וועט זיין די פאַרטיי פון דער וועלט.

מאַנדעל באַגריסט די קאָנווענשאַן אין נאָמען פון דער קאָאָפּעראַטיווער ליעג.

אַלס לעצטער רעדנער ווערט פאָרגעשטעלט פריינד באַסקין, דזשענעראַל סעקרעטער פון אַר. רינג. ער פאַנגט אָן זיין רעדע מיט אַן ענטשולדיגונג, וואָס מיט אַ יאָהר צוריק איז ער געווען געגען האַלטען די 19טע קאָנווענשאָן אין דעטראָיט. „איינע פון מיינע הויפּט־אורזאַכען — ערקלערט דער רעדנער — איז געווען דאָס, וואָס מיר זיינען אין מישיגען ניט געווען געזעצליך, אָבער מיט דעם באַשלוס פון אונזערע מעמעברס צו האָבען די קאָנווענשאָן אין דעטראָיט איז דער דזשענעראַל אָפיס געוואָרען נאָך מעהר טעטיג און אָנגעווענדעט מעהר ענערגיע אַרויסצוקריגען אַ טשאַרטער אין מישיגען און צו מאַכען אונזערע מעמבערס אין דעטראָיט אַלס פרייע בירגער, און איך בין צופריעדען יעצט, וואָס דעטראָיט איז דער פּלאַץ פון אונזער 19טער יעהרליכער קאָנווענשאָן. די אידישע אַרבייטער־באַפעלקערונג פון דעטראָיט האָט דאָס פאַרדיענט. קוקענדיג אויף דעם מאַרטש און זעהענדיג אַלע שיכטען פון אונזער ראַדיקאַלער באַוועגונג פאַראייניגט אין איין געדאַנק, איין שטרעבונג, איין ציעל, און אָבוואָהל אין דעם פאַראַד האָט זיך ניט באַמערקט די רויטע פאָהן — די פאָהן, וועלכע דער אַר. רינג האָט אָנגענומען אַלס זיין סימבאָל, און האָט געפלאַטערט פאַר 19 יאָהר אין אַלע שטעדט און שטעדטלאַך, וואו נאָר אַן אַר. רינג ברענטש האָט

עקזיסטירט — אָבוואָהל דיעזע פאָהן איז ביים פאַראַד ניט געווען, דאָך אין גייסט איז יעדער געווען דורכגעדרונגען מיט איהר."

ער דריקט אויס זיין האָפנונג, אַז צו דער 20טער קאָנווענשאַן וועט דער אַרבייטער רינג קומען מיט אַן אַרמעע פון 100 טויזענד קלאַסען־באַוואוסטע אַרבייטער, מעמבערס פון אַר. רינג.

---

די זיצונג ווערט פאָרטגעזעצט מאָנטאַג פריה, דעם 5טען מאַי, אונטער'ן פאָרזיץ פון זעלבען טשערמאַן.

דער פּראָטאָקאָל פון דער ערעפענונג ווערט פאָרגעלעזען פון פר. פערלאַוויץ און גוטגעהייסען.

פריינד בלאַק, פאַרטרעטער פון דער היברו אימיגראַנט סאָסייעטי, באַגריסט די קאָנווענשאַן און ווינשט איהר ערפאָלג אין דער אַרבייט. ער דריקט אויס אַ דאַנק פאַר די מאָראַלע און פינאַנציעלע שטיצע, וועלכע איז געגעבען געוואָרען צו דער היברו אימיגראַנט אייד סאָסייעטי. ער דריקט אויס אַ באַזונדערן דאַנק צו די מיטגליעדער פון אַרב. רינג, וועלכע זיינען אויך אין זייער באָארד אוו דירעקטאָרס פאַר זייער אַרבייט אין זייערע סטייטס, וועלכע זיי טוען פאַר דעם אימיגראַנט.

ער אַפּעלירט צו די דעלעגאַטען צו נעהמען זייער וויכטיגע היסטאָרישע אַרבייט אין אנבאַטראַכט און זעהען אַז ביי דיעזער קאָנווענשאַן זאָל די אימיגראַנט סאָסייעטי געשטיצט ווערען מיט אַ באַדייטענדער סומע, ווייל זייער אַרבייט אין איצטיגען מאָמענט איז פאַרבונדען מיט אויסערגעוועהנליך גרויסע אויסגאַבען.

פריינד לעווענסאָן באַגריסט די קאָנווענשאַן אין נאָמען פון די אידישע יוניאָנס פון דעטראָיט. ער אַפּעלירט צו די דעלעגאַטען אין זינען צו האָבען דעם עקאָנאָמישען קאַמף פון די אַרבייטער, ווייל אין איצטיגען מאָמענט איז דיעזער קאַמף שטאַרקער און וויכטיגער ווי ווען עס איז ביז איצט.

פריינד פערלאָוויטץ שלאָגט פאָר צו שיקען אַ באַגריסונגס־טעלעגראַמע צו דער קעפּ מייקערס קאָנווענשאַן, וועלכע ווערט גלייכצייטיג געהאַלטען אין ניו־יאָרק. דער פאָרשלאַג ווערט אָנגענומען און אַ טעלעגראַמע ווערט געשיקט.

איזידאָר קאָהען, אַלס טשערמאַן פון דער קרעדענשעל קאָמיטע, באַריכטעט פאָלגענדעס:

די קרעדענשעל קאָמיטע רעקאָמענדירט צוצולאָזען זיבען דעלעגאַטען פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע, איינער פון דער נאַציאָנאַלער באָארד אוו דירעקטאָרס, צוויי פון סעמעטערי דעפּאַרטמענט, איינעם פון דער פיונעראַל קאָנטראָל קאָמיטע, איינעם פון מעדיקאַל אַדווייזערי באָרד, איינעם פון סאַניטאַריום מעדיקאַל אַדווייזערי באָארד, אַ פראַטוירנאַל דעלעגאַט פון לייבאָר ליעג און 125 דעלעגאַטען, וואָס זיינען ערוועהלט געוואָרען ביי די ברענטשעס פון טערריטאָריען קאָנפערענצען.

די רעקאָמענדיישאָן ווערט גוטגעהייסען און דיעזע אַלע דעלעגאַטען ווערען צוגעלאָזען.

די קרעדענשעל קאָמיטע רעקאָמענדירט ווייטער, אַז אויב פריינד יוראַק פון ניו־יאָרקער טעריטאָריע וועט ניט קומען ביז דער 3טער זיצונג, זאָל זיין פּלאַץ ערקלערט ווערען „וויקענט" און דער נעקסטער קאַנדידאַט אויף דעם באַלאָט זאָל ערקלערט ווערען אַלס דעלעגאַט.

די קרעדענשעל קאָמיטע האָט אויך געהאַט אַ פראַגע וועגען די האַרטפאָרדער דעלעגאַטען, נאָר זיי רעקאָמענדירען, אַז די צוויי דעלעגאַטען פון האַרטפאָרד, סיעגעל און עדעלמאַן, זאָלען צוגעלאָזען ווערען.

פריינד קאָהען באַריכטעט ווייטער, אַז זיי האָבען געקראָגען אַ קרעדענשעל פון ברוקלין פאַר 4 דעלעגאַטען, וועלכע פאַרלאַנגען, אַז זיי זאָלען ווערען צוגעלאָזען אַלס דעלעגאַטען פון ברוקלין. די קאָמיטע רעקאָמענדירט זיי ניט צוצולאָזען, נאָר צו געבען זייערען אַ פאַרטרעטער 10 מינוטען צייט פאָרצולעגען זייערע טענות צו דער קאָנווענשאָן און נאָך דעם זאָלען אויך קריגען צו 10 מינוט אַ פאַרטרעטער פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע און פון דער קרעדענשעל קאָמיטע צו ערקלערען זייערע ענטשערס

די רעקאָמענדיישאָן ווערט גוטגעהייסען, און פריינד סמיטה פון ברוקלין קריגט דאָס וואָרט:

„פריינדרע דעלעגאַטען, מיר זיינען ניט געקומען אלס קאָמיטע אהער, מיר זיינען דעלעגאַטען. איך וויל אייך באַקאַנט מאַכען מיט דעם פאַקט, אַז איך האָב געהאָלפען פיעלע באַוועגונגען אין א. ר. צו שאַפען, אָבער אין דיעזער באַוועגונג האָב איך ניט גענומען קיין שום אנטייל. נאָר דאָס איז געווען דער אויסדרוק פון דער מעמבערשיפּ פון ברוקלין, ווייל זיי קריגען ניט קיין פאַרטרעטערשאַפט אין דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע און ניט צו דער קאָנווענשאָן.

די קאָנווענשאָן אין די בראָנקס, ניו יאָרק, האָט גוטגעהייסען א טעריטאָריע פאַר ברוקלין און דאָס איז איבערגעגעבען געוואָרען פון דעם טשערמאַן פון יענער זיצונג, פריינד וויינבערג, צו דעם סעקרעטאַריאַט. אָבער דאָס איז ניט אַריין אין די פּראָטאָקאָלען פון קאָנווענשאָן, און אויף דיעזען גרונד פאַרלאַנגען מיר א טעריטאָריע פאַר ברוקלין. דאָס איז דער וואונש פון 9 ברענטשעס מיט א מעמבערשיפּ פון 25 הונדערט. מיר האָבען געקאָנט קריגען מעהר ברענטשעס פון ברוקלין, וועלכע זאָלען שטיצען אונזער פאַרלאַנג, מיר האָבען דאָס פאַרנאַכלעסיגט, ווייל מיר האָבען געהאָפּט, אַז די עקזעקוטיוו וועט באַוויליגען אונזער פאַרלאַנג פאַר א טעריטאָריע. לעצטען יאָהר האָט אונז די עקז. געזאָגט, אַז מיר זיינען געקומען צו שפּעט, זיינען מיר דיעזען יאָהר געקומען אין צייט. די עקז. האָט אונז געענטפערט, אַז מיט'ן באַוויליגען א טעריטאָריע פאַר ברוקלין וועט דורך דעם פיעל פאַרגרעסערט ווערען די צאָהל דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאָן, און אונזער פאַרלאַנג איז צוריקגעוויזען געוואָרען. און דעריבער האָבען זיי געשאַפען דיעזע באַוועגונג און געשיקט אייגענע דעלעגאַטען. עס איז ריכטיג, אַז מיר האָבען קיינע באַווייזע, אַז די בראָנקסער קאָנווענשאָן האָט דאָס באַשלאָסען, אָבער ס'וועט זיין פיעל געזונטער פאַר דעם אר. רינג, אַז ניו יאָרק זאָל האָבען 3 טעריטאָריעס. מיר קאָנען ביי קיין אלגעמיינעם קאָנפערענץ ניט ערוועהלט ווערען, ווייל מיר זיינען ניט קיין „גוד באָיעס". עס איז ריכטיג, אַז יוראַס איז א ברוקלינער דעלעגאַט און איז ערוועהלט געוואָרען, אָבער ער האָט גענוג אנשטענדיגקייט ניט צו קומען צו דער קאָנווענשאָן, ווייל זיין ברענטש האָט איהם צוריקגעצויגען.

„אונזער פאַרלאַנג איז, אַז די הערען פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו זאָלען אויפגעבען זייערע עמטער אין דער עקזעקוטיווע, ווען ניט קאָנען זיי האָבען די זעלבע מפּלה פון א ווילהעלם.

„די ברוקלינער ברענטשעס האָבען געספּענט 4 הונדערט דאָלאַר אויף אונזער קומען אהער, און דיעזע 4 הונדערט דאָלאַר דאַרפען אויסגעצאָהלט ווערען פון דעם קאָנווענשאָן פאָנד. און אויב איהר וועט אונז ניט אנערקענען, וועלען מיר אונזער קאָנווענשאָן פאָנד טעקס ניט צאָהלען, ווייל מיר זיינען באַרעכטיגט צו א טעריטאָריע, און אויב מען האָט אונז דיעזע טעריטאָריע ניט געגעבען, האָבען מיר די טעריטאָריע זיך אליין גענומען.

„מיר האָבען אויך א געשריבענעם אַפידייוויט פון דעם טשערמאַן פון דער קאָנווענשאָן קאָמיטע אין די בראָנקס, אַז דיזא באַשלוס איז אָנגענומען געוואָרען ביים קאָנווענשאָן. איך באַהויפּטע, אַז דאָס איז אבזיכטליך ניט פאַרשריבען געוואָרען אין די פּראָטאָקאָלען פון דער קאָנווענשאָן."

פריינד אב. עפּשטיין ענטפערט פאַר דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע:

„איהר האָט געהערט ווי סמיטה האָט געזאָגט. אויב זייער פאַרלאַנג וועט ניט באַווילינט ווערען, וועט ווערען געשאַפען דער עלטער טומעל אין ארבייטער רינג. מיר האָבען געדענקט, אַז די אלע אלטע מחלוקות אין אר. רינג זיינען שוין באַגראָבען געוואָרען, אָבער עס צייגט זיך ארויס, אַז עס שטעהען נאָך עטליכע מענשען, וואָס וואַרטען אויף א געלעגענהייט אריינצוברענגען א נייעם ברודער־קריעג. איך וויל באַשטעטיגען, אַז אלע זייערע באַהויפּטונגען זיינען ניט אמת. עס איז ניט ריכטיג, אַז די בראָנקסער קאָנווענשאָן האָט זיי באַווילינט א טעריטאָריע. ...קומט דאָס, וואָס זיי האָבען לעצטען יאָהר ניט אנגעדייטעט אויף דיעזען באַשלוס, ווען זייער פאַרלאַנג איז ניט באַווילינט געוואָרען?

„איך וועל ביי סמיטה'ן ניט פרעגען ווען איך זאָל אויפגעבען מיין טעטיגקייט אין ארבייטער רינג. איך און אויך אלע אַנדערע וועלען ארבייטען אַזוי לאַנג, ווי די מעמבערס וועלען אונז ערוועהלען.

„איך באַהויפּטע, אַז די גרויסע מעמבערשיפּ פון ברוקלין אינטערעסירט ניט די גאַנצע אנגעלעגענהייט, נאָר אין דעם זייענען פאַראינטערעסירט בלויז איינצעלנע מענשען.

„ווען מיר זאָלען זיי באַוויליגען א טעריטאָריע, וואָלטען מיר אויך געדאַרפט צופּיצלען און צוברעקלען די טעריטאָריעס אַזוי, אַז מיר וואָלטען געדאַרפט האָבען 140 דעלעגאַטען אנשטאַט 125. די קאָנסטיטושאָן זאָגט גאַנץ דייטליך, אַז נאָר די עקזעקוטיווע זאָל איינטיילען אלע טעריטאָריעס. און מיר האָבען באַשלאָסען צו האָבען די זעלבע טעריטאָריעס ווי לעצטען יאָהר.

„זיי זוכען א נייעם ברודער־קריעג, אָבער זאָלאַנג איך וועל זיין אין דער עקזעקוטיווע וועלען מיר אין אר. רינג קיין ברודער־קריעג ניט האָבען.

„איך וויל אויך ענטפערען אויף די צוויי קאָלומס ליטעראַטור, וואָס זיי האָבען לעצטענס אויך געלאָזט דרוקען. אין אייער ליטעראַטור שרייבט איהר וועגען צעטעלאַך, וויל איך אייך פרעגען, ווער איז שולדיג אין דיעזע צעטעלאַך? איהר זייט די יעניגע, וועלכע האָבען געשאַפען די צעטעלאַך ביי א. ר. קאָנפערענצען. און גלויבט איהר טאַקי, אַז עס איז א געפאַהר און א פאַרברעכען צו זאָגען אָדער ראַטען יענעם פאַר וועמען צו שטימען?

„איהר זאָגט, אַז ביי די פאַרוואַלטערס איז זייער טעטיגקייט א ברויט־פראַגע און ביי אייך א פּרינציפּיעלע. זאָגט מיר, ווער זיינען דאָס די יעניגע פאַרוואַלטערס, וואָס האַלטען „דזשאַבס" אין א. ר.? איך באַהויפּטע, אַז אלע פאַרוואַלטער מאַכען א לעבען פון ארבייט אויסער דעם ארבייטער רינג און גיבען אָפּ זייער צייט, וואָס זיי קאָנען שפּאָרען, פאַר דעם ארבייטער רינג. בלויז סמיטה איז געווען דער יעניגער, וואָס פלעגט טענה'ן, אַז ער וועט קיינמאָל זיך ניט אָפּפּערען פאַר דעם ארבייטער רינג.

„איך האָב אויך געוואָלט פרעגען פּאַטאַשינ'ען, וואו איז ער דאָס געווען טעטיג און וואָס פאַר א באַוועגונג? זיי זאָגען, אַז אונזערע מעטאָדען זיינען ניט גענוג סאָציאַליסטיש, אָבער ווען זיי וואָלטען נאָר געהאַט די מאַכט אין אר. רינג, וואָלטען זיי געטאָן מיט אונז דאָס, וואָס מען האָט געטאָן מיט ליעבקנעכט'ן.

„איך וויל דאָ אויפמערקזאַם מאַכען, אַז אויב זיי וועלען ניט באַצאָהלען דעם קאָנווענשאָן טעקס, וועלען מיר זיי אויסשליסען און מיר וועלען מיט זיי האַנדלען פּונקט ווי מיט אלע אַנדערע, וואָס ענטזאָגען זיך צו צאָהלען זייערע ביללס.

„וועגען זייער באַשולדיגונג, אַז מיר האָבען דיסקרימינירט ברוקלין און מיר האָבען ניט קיין מעדיקאַל עקזאַמינער, וועלכער זאָל דאָרט איין מאָל אין וואָך עקזאַמינירען קאַנדידאַטען, פאַר א ביליגערער רייט, אויף דיעזער באַשולדיגונג קאָן איך ענטפערען, אַז דער מעדיקאַל עקזאַמינער פון ברוקלין האָט זיך ענטזאָגט צו עקזאַמינירען קאַנדידאַטען פאַר 50 סענט. אָבער מיר מאַכען יעצט אַראַנדזשמענטס מיט א נייעם דאָקטאָר, און ווען די אַראַנדזשמענטס וועלען זיין געמאַכט וועלען מיר דאָס אנאָנסירען.

„אויב איהר, דעלעגאַטען, ווילט האָבען, אַז דיסציפּלין זאָל זיין אין ארבייטער רינג, דאַרפט איהר דיעזע דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאָן ניט צולאָזען."

פריינד קאָהען ענטפערט פאַר דער קרעדענשעל קאָמיטע. ער זאָגט:

„ערשטענס, האָבען מיר פאַר די פיער דעלעגאַטען באַקומען א קרעדענשעל פון ברוקלינער עדיוקיישאָנאַל אַלייענס, און דאָ איז ניט קיין קאָנווענשאָן פון קיין עדיוקיישאָנאַל אַלייענס.

„צווייטענס, האָבען מיר גענומען אין אנבאַטראַכט, אַז אין ניו יאָרק איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען א טעריטאָריען־קאָנפערענץ פאַר אלע 5 באַראָס און ברוקלינער ...

געווען פאַרטראָטען. זיי האָבען נאָמינירט דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאַן, און די איינִיגע פון זיי, וואָס זיינען דורכגעפאַלען, זיינען דאָס די אורזאַכע פון דיעזער באַוועגונג.

„דריטענס, איידער זיי זיינען געקומען צו דער קאָנווענשאַן מיט זייערע קריוודעס זיינען זיי ארויס אין דער עפענטליכקייט מיט זייער ליטעראַטור, אין וועלכער זיי מאַכען זייערע אַלטע באַשולדיגונגען. ווען יונגע ברענטשעס טוען דאָס, וואָלט מען זיי געקאָנט ענטשולדיגען, אָבער פאַר זיי, אַלס אַלטע ברענטשעס אין ארבייטער רינג, איז ניטאָ קיין ענטשולדיגונג פאַר אַזאַ האַנדלונג.

„אויף אייער באַשולדיגונג וועגען דזשאַבס, באַווייזט ווער פון די ארבייטער רינג טוערס האָט אָנגעלעבט פאַרמעגענס אין דעם ארבייטער רינג? וועהרענד איך וועל אייך אָנצייגען הונדערטע, וועלכע זיינען רואינירט געוואָרען, רואינירט פאַמיליעס, פאַרלאָרען זייער ברויט, אַלס צוליעב זייער טעטיגקייט אין ארבייטער רינג.

„און צולעצט ווילען מיר אייך אויפמערקזאַם מאַכען, אַז ברוקלינער ברענטשעס זיינען דאָ פאַרטראָטען דורך ברוקלינער דעלעגאַטען, וואָס זיינען יאָ ערוועהלט געוואָרען.“

פריינד וויינבערג קריגט דאָס וואָרט פאַר אַן ערקלערונג, אַלס דער טשערמאַן פון יענער זיצונג ביי דער בראָנקסער קאָנווענשאַן, וועגען וועלכער סמיטה האָט דערמאָנט. ער ווענדעט זיך צו סמיטה'ן מיט אַ פראַגע:

„געדענקט איהר ווירקליך, אַז איך זאָל האָבען געזאָגט, אַז מען וועט ברוקלין געבען אַ טעריטאָריע? וואָס איך האָב יאָ געזאָגט איז, אַז די טעריטאָריען קאָנפערענצען ווערען איינגעטיילט לויט דעם באַשלוס פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע. איך האָב אַנדערש ניט געקאָנט ענטפערען, ווייל איך בין ניט געווען קיין מעמבער פון דער עקזעקוטיווע.

„די טעריטאָריען קאָנפערענצען, וועלכע זיינען איינגעטיילט געוואָרען אין מעהר ווי איינע פאַר ניו יאָרק, מיט איינִיגע יאָהר צוריק, זיינען געווען די ארבייט פון אייער אַזוי־גערופענער „יונגער“ עקזעקוטיווע. אין זייער האַנדלונג איז דאַן געווען דער זעלבער אַבזיכט ווי אין די האַנדלונגען פון קאַפּיטאַליסטישע פּאָליטישענס, וועלכע זוכען צו שניידען די דיסטריקטען דאַן, ווען זיי דערשרעקען זיך פאַר אַ סאָציאַליסטישער מעהרהייט. זיי האָבען צוטיילט ניו יאָרק אין טעריטאָריעס בלויז מיט דער אַבזיכט אום מיר זאָלען ניט קענען ערוועהלט ווערען. גראַדע זייענען מיר ערוועהלט געוואָרען, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס זיי האָבען זיך אָנגעשטרענגט אונז דורכצואווארפען, ווייל מיר זיינען געוואָרען אַקטיוו און די מיטגליעדערשאַפט פון ארבייטער רינג האָט אונז אָנערקענט און געשענקט זייער צוטרויען. און וואָלטען מיר זיך דאַן ניט געווען אָרגאַניזירט, וואָלטען מיר יעצט ניט געפייערט די ערעפנונג פון אונזער 19טער יעהרליכער קאָנווענשאַן מיט אַזאַ גרויסאַרטיגען ערפאָלג, נאָר מיר וואָלטען אַנשטאַט דעם געווען אַרומגערינגעלט מיט באַצאָהלטע פּרעזידענטען און מיט אַ סטעף פון אַנדערע באַצאָהלטע בעאַמטע.

„ווען איך בין ווען עס איז ניט געווען איינפערשטאַנען מיט מיינע פריינד אין אַ פּרינציפּיעלער פראַגע, בין איך געגאַנגען מיט אייך אויף איין פּלאַטפאָרמע צו פאַרטיידיגען מיינע איבערצייגונגען. אָבער צייגט, וואָס האָט איהר געטאָן די גאַנצע צייט? איהר זייט געווען טעטיג און געהאַט בלויז איין אויפגאַבע, און דאָס איז אונז פּאָליטיש צו רואינירען.

„איך האָב קיינמאָל ניט געמאַכט קיין סטייטמענטס, אַז זיי וועלען קריגען אַ טעריטאָריע, אָדער זיי זיינען באַרעכטיגט צו אַ טעריטאָריע, ווייל איך בין געווען דער יעניגער אין דער קאָנסטיטושאַן קאָמיטע, וועלכער האָט באַקעמפט דעם פּונקט וועגען איינטיילען גרייטער ניו יאָרק אין מעהר ווי אין איין טעריטאָריע.

„איהר דערמאָנט, אַז עס איז געווען אַ באַשלוס וועגען ריקאָל ביי אַ קאָנווענשאַן און דאָס איז איצט אויך ניט קיין געזעץ, נון, ווייסט איהר דען ניט, אַז אַ נייע קאָנסטיטושאַן איז אָנגענומען געוואָרען פון די מעמבערס, וואו דיעזער פּונקט איז מעהר ניט אַריין?“

די רעקאָמענדיישאַן פון דער קרעדענשעל קאָמיטע די פיער ברוקלינער דעלעגאַטען ניט צוצולאָזען ווערט איינשטימיג אָנגענומען.

גאַלפּערט פון שיקאַגאָ קריגט דאָס וואָרט פאַר אַ מינאָריטעט פון דער קרעדענשעל קאָמיטע וועגען אַ דעלעגאַט פון שיקאַגאָ. ער זאָגט, אַז בר. 395 האָט געשטימט זייער באַלאָט ניט געזעצליך, ווייל נאָך דעם ווי שטימען פאַר דעלעגאַטען זיינען שוין געווען אָפּגעגעבען זיינען געקומען מעמבערס און האָבען געשטימט און זייערע שטימען זיינען געצעהלט געוואָרען. ער פאַרלאַנגט דארום, אַז דער באַלאָט פון בר. 395 מיט 112 שטימען זאָל ניט געצעהלט ווערען.

פריינד באַסקין ערקלערט, אַז דאָ האַנדעלט זיך וועגען אַ באַלאָט פון אַ ברענטש, ביי וועלכען מען קאָן ניט איבערצייגען, אַז דאָ זיינען געמאַכט געוואָרען פאַלשקייטען. דער ברענטש האָט אַ באַשלוס צו רעדזשיסטרירען אַ גאַנצען טאָג די שטימען פון זייערע מעמבערס פאַר דעלעגאַטען. דער מיטינג איז ניט געווען געשלאָסען, און אויף דיעזען גרונד קען מען דעם באַלאָט ניט צוריקווייזען.

דער מאַיאָריטעט באַריכט פון דער קרעדענשעל קאָמיטע דיעזען באַלאָט צו צעהלען, און אויך דער באַריכט אַלס גאַנצער, ווערט גוטגעהייסען.

פריינד וואָלאָס פון ניו יאָרק ווערט ערוועהלט אַלס טשערמאַן פון דער נעקסטער זיצונג. ער נעהמט איבער דעם פאָרזיץ און לעזט פאָר אַן ערקלערונג פון דעלעגאַט טייטעלמאַן פון פילאַדעלפיא. אין זיין ערקלערונג בעט פריינד טייטעלמאַן ענטשולדיגונג פאַר ניט קומען צו די ערשטע זיצונגען פון קאָנווענשאַן, ווייל ער געפינט זיך אין אַ קראַנקען צושטאַנד אין האָטעל. ער האָפט אָבער צו קענען קומען דיענסטאָג.

פריינד טייטעלמאַן ווערט ענטשולדיגט.

גענ. שלאַכטער באַגריסט די קאָנווענשאַן אין נאָמען פון נאָרט איסט אידישען ברענטש ס. פּ.

„איך האָף אַז איהר וועט זיין איינִיג אין אייערע באַשליסע און איהר וועט אויך ניט פאַרגעסען די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי און אונזער אידישען פּאַרטיי־אָרגאַן די „נייע וועלט“. אייער שלאָג־וואָרט „הונדערט טויזענד מעמבערס פאַר דעם ארבייטער רינג“ זאָל אויך זיין „פופציג טויזענד מעמבערס פאַר דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציאָן.“

עס באַגריסט אויך די קאָנווענשאַן אַ פאַרטרעטער פון דער קאָנסומערס קאָאָפּעראַטיווער ליעג.

דער פּרעזידענט פון די סטרייקענדע אויטאָמאָביל ארבייטער פון דעטראָיט ווערט צוגעלאָזען און ער באַגריסט די קאָנווענשאַן. ער זאָגט, אַז זיי פיהרען יעצט אַן אַ גרויסען פּרינציפּיעלען קאַמף. זיי זיינען ניט ארויס אין סטרייק פאַר גרעסערע ווייזדזשעס און קירצערע שטונדען אָדער אַנערקענונג פון דער יוניאָן. זיי פאַרלאַנגען בלויז, אַז די ארבייטער פון שאַפּ, וואָס ווילען באַלאַנגען צו דער יוניאָן, זאָלען ניט ווערען געשטערט פון דער פירמע. זיי וועלען אָנפיהרען זייער קאַמף ביז זיי וועלען איהם געווינען. זיי זיינען פון דער אַמ. פעד. או ליי״באָר אויסגעשלאָסען געוואָרען פאַר קעמפען פאַר איין יוניאָן אין דער גאַנצער אינדוסטריע. אָבער פאַר דער צייט, וואָס זיי זיינען אויסגעשלאָסען געוואָרען, איז זייער אָרגאַניזאַציאָן פיעל שטאַרקער געוואָרען.

---

### 2טע זיצונג

די 2טע זיצונג ווערט ערעפענט האַלב נאָך 2 נאָכמיטאָג טשערמאַן איז פריינד וואָלאָס פון ניו יאָרק.

אַלס וויים־טשערמאַן ווערט ערוועהלט פריינד הירשמאַן פון פילאַדעלפיא; אַלס סעקרעטערע פון אַלע פּלענאַרע זיצונגען פון דער קאָנווענשאַן ווערען ערוועהלט די פריינדע מ. איוואַנסקי מ. פּערלאָוויץ און פּ. יודיטש, אַלע פון ניו יאָרק.

פריינס ס. יאַנאָס באַגריסט די קאָנווענשאַן אין נאָמען פון ליי״באָר ליעג.

פריינד יאַנאָס דריקט אוים צווישען אַנדערע די פאָלגענדע געדאַנקען:

די ליי״באָר ליעג איז באַשאַפען געוואָרען מיט'ן צוועק צ

פאַרווירקליכען די שטרעבונג פון איין אַרבייטער רינג אין אַמעריקא. אין פאַרלויף פון 10 יאָהר פון דער שווערער עקזיסטענץ פון דער ליעג, אין פיעלע מאָמענטען פון פאַרצווייפלונג, פלעגען די אַקטיווע טוער פון ליעג אויפמונטערען די מיטגליעדער מיט דער האָפנונג, דאָס באַלד וועלט קומען דער גליקליכער מאָמענט, ווען די ליעג וועט זיך קענען פאַראייניגען מיט דער מוטער־אָרגאַניזאַציאָן, מיט'ן אַרבייטער רינג. עס איז פאַר קיינעם קיין סוד ניט, דאָס אַלע מיטגליעדער פון ל. ל. זיינען געווען אונטער'ן איינדרוק, דאָס וויבאַלד די סיסטעם פון פראַטווירנאַל רייטס וועט איינגעפיהרט ווערען, וועט שוין דורכדעם די פאַראייניגונג קומען. יעצט, ווען די לאַנגיעהריגע האָפנונג פון איינפיהרען פראַטווירנאַל רייטס אין אַ. ר. איז געוואָרען אַ פאַקט, לעבט די ליעג איבער, טראָץ איהר גלענצענדען מאַטעריעלען צושטאַנד, אַן ערנסטען קריזיס. די לייבאָר ליעג, וועלכע איז געווען אַ געגענגיפט געגען די דעמאַגאָגישע אַרויסטרעטונגען פון יענער פיינדליכער אָרגאַניזאַציאָן, וואָס האָט זיך געשטעלט אַלס אויפגאַבע די צעשפליטערונג און דעמאָראַליזאַציאָן פון דער אַרבייטער־באַוועגונג אין מאַסאַטשוזעטס, קען פאַרלירען דעם באָדען, ווען פון דער האָפנונג, — זיך צו פאַראייניגען מיט'ן אַרבייטער־רינג — וועט צוגענומען ווערען די טרייב־קראַפט: דער אידעאַל פון איין אַרבייטער רינג אין אַמעריקא.

וואָס אַנבאַלאַנגט די מאַטעריעלע לאַגע איז דער ל. ל. נאָך קיינמאָל ניט געווען אַזוי שטאַרק. דאָ האַנדעלט זיך אָבער וועגען איין פרינציפּ. זאָלען די מעמבערס פון לייבאָר ליעג איבערצייגט ווערען אין ערנסטען פאַרזוך פון די אַרב. רינג טוער אַנצונעהמען ענערגישע מיטלען צו לעגאַליזירען מאַסאַטשוזעטס. ווען אפילו די אַרבייט זאָל זיך ניט קרוינען מיט ערפאָלג, וועלען אָבער די מעמבערס פון ל. ל. וויסען, אַז די טוערס פון אַרבייטער־רינג האָבען געטאָן זייער פליכט.

אַלס קאָנקרעטען פאַרלאַנג, בעט פריינד יאָנאָס, אַז די קאָנווענשאַן זאָל ערוועהלען אַ ספּעציעלע קאָמיטע, וועלכע זאָל זיך אָפּגעבען מיט מאַסאַטשוזעטס. פריינד יאָנאָס גלויבט, אַז אַזאַ קאָמיטע קען באַזייטיגען אַלע שוועריגקייטען און ערריכען דעם ציעל. דאָס איז זיין מיסיאָן צו דער קאָנווענשאַן, מיט וועלכער ער איז געשיקט געוואָרען, און דיעזער פאַרלאַנג, האָפט ער, וועט אויך באַוויליגט ווערען.

וואָס אַנבאַלאַנגט דעם אַרבייטער רינג, וועלכען ער באַגריסט אין דעם נאָמען פון ל. ל., דענקט פריינד יאָנאָס, דאָס זיין שפּראַך איז צו אָרעם איבערצוגעבען אַלע געפיהלען, וועלכע באַזעלען די מעמבערס פון ל. ל. אין באַצוג צו זייער מוטער־אָרגאַניזאַציאָן. ביי אַלע מיטגליעדער פון ל. ל. איז דער אַרב. רינג אַ סימבאָל פון ערהאַבענהייט, וועלכער קען ניט אויסגעדריקט ווערען אין ווערטער.

פריינד יאָנאָס שליסט זיין באַגריסונג מיט דער באַמערקונג, דאָס עס וועט געלינגען די 19טע יעהרליכע קאָנווענשאַן צו געפינען אַן אויסוועג צו דער אָנגעוועהטאָגטער פראַגע פון מאַסאַטשוזעטס.

בעפאָר ווייטערדיגע פאַרהאַנדלונגען מאַכט פריינד וואָלאָס אויפמערקזאַם, דאָס דער אַרב. רינג האָט קיין אָפיציעלע שטעלונג ניט אָנגענומען אין באַצוג צו דער אַמעריקאַן פעדערײשאַן אָוו לייבאָר, און פאָלגליך קענען די געפיהלען פון אַ געוויסען טייל מעמבערס ניט אויסגעטייטשט ווערען אַלס אַן אָפיציעלען אויסדרוק פון אַרבייטער רינג.

פריינד איזידאָר קאָהן גיט איבער אייניגע רולס און רעזאָלויישאָנס, וועלכע זיינען אָנגענומען געוואָרען פון דער קרעדענשעל קאָמיטע:

1) די זיצונגען פון דער קאָנווענשאָן זאָלען געהאַלטען ווערען פון האַלב נאָך 9 פריה ביז 1 נאָכמיטאָג און פון האַלב נאָך 2 נאָכמיטאָג ביז 7 אָוונד.

2) מיטוואָך אין דער פריה זאָל זיין אַ פּלענאַרע זיצונג פון קאָנווענשאָן.

3) די פיונראַל זיצונג זאָל געהאַלטען ווערען דאָנערשטאָג.

עס ווערט פאָרגעשטעלט פריינד וואָלאָדעק, וועלכער באַגריסט די קאָנווענשאָן אין נאָמען פון דער „ניו יאָרק קאָל".

פריינד וואָלאָדעק לעזט פאָר אַ טעלעגראַמע פון דער רעדאַקציאָן פון „קאָל" צו דער קאָנווענשאָן און אַ פּריוואַטע טעלעגראַמע. דער אינהאַלט פון די טעלעגראַמען איז, אַז די איצטיגע איבערפאַלען אויף דער „קאָל" מאַכט אוממעגליך פאַר גענאָסע אוירווין, דעם רעדאַקטאָר פון דער „קאָל", צו זיין אַנוועזענד פּערזענליך צו דער קאָנווענשאַן, און דעריבער איז אויסגעפאַלען דער גורל אויף פריינד וואָלאָדעק צו באַגריסען די קאָנווענשאַן אין נאָמען פון דער „קאָל".

פריינד וואָלאָדעק שטעלט זיך אָפּ אויף דער וויכטיגער אויפגאַבע, וואָס די „קאָל" ערפילט אין איצטיגען היסטאָרישען מאָמענט. אין דער צייט ווען די באַדינגונגען פאַר'ן פרייען וואָרט זיינען אַזוי שווער, אין דער צייט ווען די עלעמענטאַרסטע מענשענרעכטע ווערען אַזוי ברוטאַל אונטערדריקט אין דער כלומר'שט דעמאָקראַטישער לאַנד, איז די „קאָל" דער עמוד־האש, וועלכער פיהרט די אַמעריקאַנער אַרבייטער־קאַמפּ צום ענדציעל פון באַפרייען די גאַנצע מענשהייט.

די „קאָל" לעבט דורך אַ זעהר שווערען קריזיס: מען האָט אַוועקגענומען פון דער צייטונג די פּריווילעגיעס פון סעקאָנד קלעס מעיל; די אַמעריקאַן ניוס קאָמפּאַני ענטזאָגט זיך צו פאַרשפּרייטען די צייטונג; און טראָץ אַלע שוועריגקייטען פאַרשפּרייט זיך די „קאָל" אין אַרום 40 טויזענד קאָפּיעס.

פריינד וואָלאָדעק באַציהט זיך אויף דער וויכטיגקייט פון אַן ענגלישען אָרגאַן פאַר דער באַפרייאונג פון דעם אַרבייטער־קלאַס אין אַמעריקא: „די אַמעריקאַנער אַרבייטער וועלען פריהער אָדער שפּעטער אויך קומען צום שכל און איבערנעהמען די מאַכט אין זייערע אייגענע הענט, און אַלס אויפקלערונגס־מיטלען פאַר זיי קענען נאַטירליך נאָר זיין אָרגאַנען, וועלכע זיינען געשריבען אין דער שפּראַך פון אַמעריקא — אין ענגליש."

פריינד וואָלאָדעק ווייזט אויך אָן אויף די טעכנישע אויסבעסערונגען, וועלכע ווערען אונטערנומען, אום צו פאַרזיכערען דעם מאַטעריעלען צושטאַנד פון דער „קאָל". ער ווייזט אָן ווי וויכטיג עס איז פאַר דער ווייטערדיגער פאַרברייטונג פון דער „קאָל" צו פאַרקלענערען דעם פּרייז פון איינצעל־פאַרקויף אויף 2 סענט, אום צו קענען קאָנקורירען מיט די קאַפּיטאַליסטישע צייטונגען. כדי צו פאַרקלענערען די קאָסטען, מוז די „קאָל" האָבען אַן אייגענע דרוקעריי און אַן אייגענע הויז. די „קאָל" האָט זיך פאַר דיעזען צוועק געשטעלט אַלס אויפגאַבע צו שאַפען אַ פאָנד פון 200 טויזענד דאָלאַר. אַ טייל פון פאָנד איז שוין געדעקט געוואָרען, אָבער עס מוז נאָך פיעל געטאָן ווערען אום דעם גאַנצען פאָנד צו שאַפען. פריינד וואָלאָדעק אַפּעלירט צו דער קאָנווענשאַן: ליבעראַל צו שטיצען די „קאָל", און ער שליסט זיין באַגריסונג מיט דער האָפנונג, דאָס די „קאָל" וועט זיך שטעלען אויף אייגענע פיס, טראָץ די באַמיהונגען פון די ליעבע פּאָליס־קאָמישיאָנערס — באַשטעהענד פון אַזעלכע אַרבייטער־פריינד ווי די יוריש עצר'ס פון טהאָמאַס רייען, גוגענהיים און וואַנאַמייקערס און די ליעבע באָאַרד אָוו אַלדערמען.

פריינד וויינבערג מאַכט אַ פאָרשלאַג, אַז די פריינדע באַסקין, ביילין און וואָלאָדעק זאָלען באַשטימט ווערען אָנצושרייבען אַ טעלעגראַמע, וואָס זאָל אויסדריקען אונזער סימפּאַטיע צו גענ. יודזשין וו. דעבס, וועלכער שמאַכט אין טורמע, פאַר זיינע איבערצייגונגען.

פריינד עפּשטיין מאַכט אויפמערקזאַם, דאָס די טעלעגראַמע זאָל טאַקע אויסדריקען בלויז סימפּאַטיע און זאָל ניט אויסשליסען די אַנדערע באַשליסע, וועלכע די קאָנווענשאַן דאַרף אָננעהמען אין דיעזער הינזיכט.

דער פאָרשלאַג ווערט אָנגענומען.

פריינד אַשפּיז באַריכטעט פאַר דער נעשאָנאַל באָאַרד אָוו דירעקטאָרס ווי פאָלגט:

די אויפגאַבע פון דער נאַציאָנאַלער באָאַרד אָוו דירעקטאָרס באַשטעהט:

1) אין אויסטייטשונג פון קאָנסטיטוציאָנעלע פראַגען;

2) אויפצונעהמען אַפּיעלס געגען ענטשיידונגען פון דער עקזעקוטיווע און קלאַגען;

3) צו האָבען אַן אויפזיכט איבער דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע אַלס גאַנצע, און שליסליך צו מאַכען רעקאָמענדיישאָנס אום פיעלע זאַכען אויסצובעסערען.

פריינד אשפּיז גלויבט, דאָס די נאַציאָנאַלע באָארד אוו דירעקטאָרס האָט איהר אויפגאַבע גלענצענד דורכגעפיהרט. עס פרעהט איהם צו באַריכטען, אַז דעם יאָהר האָט געהערשט פאָלשטענדיגע האַרמאָניע. ביי די דירעקטאָרען היינטיגס יאָהר איז ניט געווען אפילו קיין מינאָריטעט, וועלכע איז געוואָרען טראַדיציאָנעל אין באָארד אוו דירעקטאָרס.

וואָס אנבאַטרעפט די ארבייט פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו, דענקט פריינד אַשפּיז, דאָס די ארבייט איז געווען גענצליך צופריעדענשטעלענד אין אַלע קאָמיטעס. באַזונדערס האָבען זיך אויסגעצייכענט די אָרגאַניזאַציאָנס און די עדיוקיישאָנאל קאָמיטעען. די איינצעלנע קאַמיטע, וועלכע קען ניט באַטראַכט ווערען אַלס גרויסע אויפטוערין, איז די בענעפיט קאָמיטע, און דאָס איז ניט דערפאַר, וואָס די מעמבערס פון דער בענ. קאָמ. האָבען ניט טיכטיג געאַרבייט, נאָר צוליעב דעם, וואָס פאַר דער אַרבייט פון דער קאָמיטע איז איבערהויפּט ניט נויטיג קיין ספּעציעלע קאָמיטע.

פריינד אַשפּיז געהט דאַן איבער צו איינינגע ענטשיידונגען, וועלכע, ער דענקט, האָבען אַ ספּעציעלען כאַראַקטער:

עס איז געווען אַ קלאַגע געגען דער נאַצ. עקז. קאָמ., וועלכע האָט צוריקגעוויזען פר. פּאָזעס, פאַר וועלכען עס האָט זיך געעפענט אַ וואַקאַנס אין דער עקז. קאָמיטע, זייענדיג דער נעקסטער אויפ׳ן באַלאָט, ווייל דער באַטרעפענדער פריינד איז טיילווייז באַשעפטיגט אין אָפיס פון אַרבייטער רינג. און לויט דער קאָנסטיטושאן קען אַן אָנגעשטעלטער אין ארב. רינג קיין פאַרוואַלטער ניט זיין. די קלאַגע געגען דער עקזעקוטיווע האָט זיך געשטיצט אויפ׳ן פאַקט, דאָס דער באַטרעפענדער פריינד איז ניט אין גאַנצען באַשעפטיגט פון ארב. רינג און איז בלויז פאַר געוויסע טעג אין מאָנאַט אָנגעשטעלט.

די נאַציאָנאַלע באָארד אוו דירעקטאָרס האָט ענטשיעדען, אַז די שטעלונג פון דער עקזעקוטיווע איז געווען אַ גערעכטע, ווייל דער געדאַנק פון אויסשליסען אָנגעשטעלטע פון דער פאַרוואַלטונג איז, דאָס עס איז אַבסאָלוט געגען יעדער לאָגיק, דאָס אַ מענש זאָל זיין אונטער דער אויפזיכט פון סעקרעטער בייטאָג, און דער סעקרעטער זאָל זיין אונטער זיין אויפזיכט ביינאַכט. אין דיעזען פאַל וואָלט אַזאַ אונלאָגישע ערשיינונג שטאַטגעפונען, ווען פר. פאָזעס, אַבוואָהל טיילווייז באַשעפטיגט, וואָלט געוואָרען אַ מיטגליעד פון דער עקזעקוטיווע.

פריינד אַשפּיז באַריכטעט אויך, דאָס אין דער קייס פון בר. 600, וועלכע איז זיי איבערגעגעבען פון דער קאָנווענשאָן צו פאַרהאַנדלען, האָבען זיי ענטשיעדען, דאָס די בענעפיט זאָל יאָ אויסגעצאָהלט ווערען צום מעמבער, וועלכער האָט זיך געמאָלדען קראַנק פאַר 6 מאָנאַטען. די עקז. קאָמ. האָט בלויז געהאַט אַ רעכט איהם אויסצושליסען, אָבער ניט באַרויבען איהם פון די בענעפיטס.

פריינד אַשפּיז באַציהט זיך נאָך אויף איינינגע קייסעס, וועגען וועלכע ער האָט באַריכטעט שריפטליך אין „פריינד“.

וועגען ווייטערדיגע טעטיגקייט פון דער נ. ב. א. ד. באַריכטעט פריינד אַשפּיז, דאָס זיי האָבען געהאַט איינינגע געמיינשאַפטליכע זיצונגען מיט דער עקזעקוטיווע וועגען קאַמפּיין און וועגען אַנדערע געזעלשאַפטליכע פראַגען. בכלל דענקט פריינד אַשפּיז, דאָס די דירעקטאָרען פון די פאַרשיעדענע סטייטס קענען באַנוצט ווערען און זיינען באַנוצט געוואָרען צו טאָן אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבייט. און אין דעם ריעזיגען וואוקס פון ארב. רינג האָבען אויך די דירעקטאָרען אַ סך געהאָלפען. פריינד אַשפּיז געהט דאַן איבער צו די רעקאָמענדאַציאָנען, וועלכע די נעשאָנאַל באָארד האָט צו דער קאָנווענשאָן און שטעלט זיך באַזונדערס אָפּ אויף דער וויכטיגקייט פון באַצאָהלטע אָרגאַניזערס פאַר׳ן אר. רינג. עס איז, לויט דער מיינונג פון פריינד אַשפּיז, וויכטיג, דאָס דער פּונקט אין דער קאָנסטיטושאָן וועגען אָנשטעלען אָרגאַניזערס פון צייט צו צייט זאָל געענדערט ווערען און די עקז. זאָל האָבען אַ פרייע האַנד אָנצושטעלען אָרגאַניזערס, ווען זיי געפינען עס פאַר נויטיג.

וועגען ווייטערדיגע רעקאָמענדאַציאָנען דענקט פר. אַשפּיז:

1) דער פאָנד פאַר געדרעפּטעטע מעמבערס זאָל אָנגעהאַלטען ווערען פאַר אַנדערע עמיורדזשענסי צוועקען.

2) צו רעקאָמענדירען ברענטשעס איינצופיהרען לאָקאַלע בענעפיטס;

3) צו העכערען די ריילראוד עקספּענסעס פון די דירעקטאָרען, זיי זאָלען קענען באַזוכען זייערע נאָהנטע שטעדט;

4) אָנצואווענדען די 25 פּראָצענט רעדאָקשאָן פאַר פראַטוירנאַל רייטס פאַר אַלע אַלטע מעמבערס איבער 35 יאָהר;

5) צו ענדערען די פאָרם פון פאַרוואַלטונג אַזוי, דאָס די בענעפיט קאָמיטע זאָל אָפּגעשאַפט ווערען. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע זאָל זיין אַן אונאָפּהענגיגער דעפּאַרטמענט, און דאָס זעלבע די גריוועַנס קאָמיטע. דאַן וועט די עקזעקוטיווע באַשטעהן פון 15 מעמבערס, איינגעטיילט אין די קאָמיטעס פאַר: אָפיס, אָרגאַניזיישאָן און סאַניטאַריום.

עס ווערען געשטעלט איינינגע אינטערפּעלאַציאָנען צו דער נ. ב. א. ד., וועלכע ווערען צופריעדענשטעלענד פאַרענטפערט פון פריינד אשפּיז. און דער באַריכט־אָפּגעבער צוזאַמען מיט דער נ. ב. א. ד. ווערען באַדאַנקט פאַר זייער אַרבייט.

עס ווערען געמאַכט נאָמינייישאַנס און וואַהלען פאַר מיטגליעדער אין דער דיסטריביושאַן קאָמיטע און פאָלגענדע 15 ווערען ערוועהלט:

דינערשטיין, ניו יאָרק; בענענסאַן, שיקאַגאָ; ישורין, ניו יאָרק; פיינערמאַן, ניו יאָרק; ראָטמאַן, ניו יאָרק; נודעלמאַן, ניו יאָרק; פרידמאַן, פילאַדעלפיא; אורבאַך, נוארק; נימקאָווסקי, ניו יאָרק; קלופּט, ניו יאָרק; סיימאַן, לאָס אַנדזשעלעס; וואַלבערג, ניו יאָרק; קראַפּט, אָמאַהאַ; לאַנגער, ניו יאָרק; סילווערמאַן, ניו יאָרק.

פריינד וויינבלאַט באַריכטעט פאַר דער גריוועַנס קאָמיטע:

„אונזער קאָמיטע האָט אויף אַ געהעריגען אופן ערפילט אונזער טייל אַרבייט, וואָס איז אונז אַנפאַרטרויט געוואָרען פון די מיטגליעדער פון ארב. רינג. אין אַלע אונזערע ענטשיידונגען אין פאַרגאַנגענעם יאָהר האָבען מיר אויך געהאַט די גוטהייסונג פון דער עקזעקוטיווע.“

פריינד וויינבלאַט באַריכטעט דאַן וועגען איינינגע קייסעס:

מיר האָבען אָפט געהאַנדעלט לפנים משורת הדין, נעהמענדיג דערביי אין אַנבאַטראַכט געוויסע אומשטענדען, וועלכע זיינען פאַר אונז פאָרגעבראַכט געוואָרען. מיר האָבען צוריקגעוויזען אַן ענטשיידונג פון אַ געוויסען ברענטש וועגען אויסשליסען אַ מעמבער, וועלכער האָט זיך פאַרזינדיגט געגען די פּרינציפּען פון קאָאָפּעראַציאָן. דער באַטרעפענדער איז געווען זעהר אַן אָרימער מענש און מיר האָבען געהאַנדעלט מיט איהם מיט חסד, אַנשטאַט אין גאַנצען אויסצושליסען איהם, האָט די גריוועַנס קאָמ. באַשלאָסען צו מאַכען דעם באַטרעפענדען פאַר אַ מעמבער עם לאַרדזש.

אונזער קאָמיטע האָט אויך צוריקגעוויזען די ענטשיידונג פון אַ געוויסען ברענטש, וועלכער האָט שטראָפירט אַ מעמבער, וועלכער איז געלאָפען פאַר אַ פּאָליטישען אַמט אויף אַן אינדעפּענדענט טיקעט, נעהמענדיג אין אַנבאַטראַכט געוויסע אומשטענדען, וואָס זיינען פון אָנגעקלאָגטען אָנגעגעבען געוואָרען און האָבען זיך אַרויסגעצייגט פאַר ריכטיג.

פריינד וויינבלאַט שטעלט זיך אָפּ אויך אויף געוויסע אַנדערע קייסעס, וועגען וועלכע ער האָט באַריכטעט אין „פריינד“.

אַן אַפּיעל פון אַ דעטראָיטער ברענטש געגען דער בענעפיט קאָמיטע, פאַר ענטזאַגען די בענעפיט אויסצאָהלונג צו אַ געוויסער פרויען־מיטגליעד, האָבען מיר צוריקגעוויזען, ווייל די בענעפיט קאָמיטע האָט געהאַנדעלט לויט׳ן באַשלוס פון דער מעדיקאַל באָארד, וועלכע איז די אַנערקענטע אינסטאַנץ צו ענטשיידען אַזעלכע פעלע.

די פראַגע וועגען קאַנדידאַט אויפ׳ן אינדעפּענדענט טיקעט רופט אַרויס באַזונדערס פיעלע אינטערפּעלאַציאָנען און אויך אונצופריעדענהייט. די גריוועַנס קאָמיטע ווערט אָבער שליסליך באַדאַנקט פאַר איהר אַרבייט.

פריינד עפּשטיין, דער טשערמאַן פון דער עקזעקוטיוו, מאַכט אויפמערקזאַם, דאָס דעם פאַל וועגען דעם קאַנדידאַט אויפ׳ן אינדעפּענדענט טיקעט האָט פריינד וויינבלאַט ניט גענוג קלאָר געמאַכט. דער ארב. רינג דולדעט ניט אַזעלכע מעמבערס און וועט אַזעלכע ניט דולדען. אין דעם באַריכט פון דער נאַצ.

עקזעקוטיווע וועלען מיר אבער דיעזען פאל צוזאמען מיט דער ענטשיידונג ערקלערען.

פריינד באסקין לעזט פאר די פאלגענדע טעלעגראמע, וועלכע ווערט געשיקט צו יורזשין וו. דעבס:

„די 19טע יעהרליכע קאנווענשאן פון ארבייטער רינג, וועלכע ווערט איצט אפגעהאלטען אין דעטראיט, מישיגען, שיקט צו אייך איהר הבר'ישע באגריסונג, אויסדריקענדיג אויך די ליעבע, דעם רעספעקט און די אכטונג פון די 72,000 מיטגליעדער, וועלכע קוקען אויף אייך ווי אויף דעם פיינסטען און נאבעלסטען פארשטעהער פון דער אמעריקאנער סאציאליסטישער באוועגונג, און וועמעס ענדגילטיגען זיעג מיר צווייפלען ניט אפילו א מינוט.

מיר פארפליכטען זיך צו שטיצען דעם אידעאל פון פרייהייט און אמת'ער דעמאקראטיע, צו וואס איהר האט געווידמעט אי ער גאנצען לעבען, און מיר וועלען ניט רוהען ביז דאס פאלק פון די פאראייניגטע שטאאטען וועט ניט זיין פריי און ביז אלע מארטירער אין קאמף פאר דעמאקראטיע וועלען ניט באפרייט ווערען פון הינטער די גראטעס."

פריינד בענענסאן, דער טשערמאן פון דער דיסטריביושאן קא־־יטע, באריכטעט, אז זייער קאמיטע האט געהאט א זיצונג און דערוויל איז ערוועהלט א רעזאלוציאנס־קאמיטע באשטעהענד פון פאלגענדע:

ראטמאן, בר. 195, ניו יארק; א. וויסבערג, בר. 250, פיטסבורג; וו. באקסט, בר. 543, ניו יארק; ס. וואלאס, בר. 75, ניו יארק; ד. בראגינסקי, בר. 370, פילאדעלפיא; איזידאר קאהן, בר. 100, ניו יארק; בענענסאן, בר. 162, שיקאגא; רזש. ראטמאן, בר. 70, ניו יארק; י. גראד, בר. 90, טרענטאן; א. אדלער, בר. 510, ניו יארק; ה. סיימאנס, בר. 248, לאס אנדזשעלעס.

אלס טשערמאן פאר דער נעקסטער זיצונג ווערט ערוועהלט בריינד וויסבערג פון פיטסבורג און אלס וויים־טשערמאן — ברייגדין מארקעל פון ניו הייווען.

---

### 3טע זיצונג

די 3טע זיצונג ווערט ערעפענט דיענסטאג דעם 6טען מאי, 10 א זייגער אין דער פריה, אין דעטראיטער לייבאר ליסעאום.

פריינד פערלאווין לעזט פאר דעם פראטאקאל פון דער פארזיצונג פון דער 1טער זיצונג און דער פראטאקאל ווערט אנגענומען.

פריינד גאלדינג, פארטרעטער פון דער נאצ. בענעפיט קאמיטע, באריכטעט און ערקלערט דערביי פאלגענדעס:

די ארבייט פון דער בענעפיט קאמיטע איז קיינמאל ניט געוועזען קיין דאנקבארע, און דאס זעלבע אויך לעצטען יאהר, אבער די ארבייט פאר דער בענעפיט קאמיטע, באזונדערס לעצטען יאהר, איז געוועזען זעהר פיעל, און איז לויט אלע מעגליכקייטען צופריעדענשטעלענד אטעגדעט געווארען.

אין זיין באריכט גיט פר. גאלדינג אן פאלגענדע פונקטען:

1) די דיסטריקט מעדיקאל עקזאמינערס האבען אומגעפעהר מיט א יאהר צוריק ערקלערט, אז זיי קענען מעהר ניט אונטערזוכען קיין קאנדידאטען פאר דעם פרייז פון 50 סענט. מיט א קורצער צייט שפעטער האבען זיי געשטעלט פאר דער בענעפיט קאמיטע אן אולטימאטום, אז אונטער דעם פרייז פון א דאלאר וועלען זיי קיין קאנדידאטען ניט אונטערזוכען. די קאמיטע האט קיין אנדער אויסוועג ניט געקענט געפינען און איז געקומען מיט די דאקטוירים צו דער פארשטענדניס, אז איינינע אווענדען אין וואך זאלען די דאקטוירים עקזאמינירען קאנדידאטען אין אפיס פון ארבייטער רינג צו 50 סענט פאר יעדען און א דאלאר זאל געצאהלט ווערען פאר עקזאמינירען אין דאקטאר'ס אפיס. ביז איצט האט שוין די קאמיטע אויך איינגעארדענט אפיסעס צו עקזאמינירען קאנדידאטען אין אנדערע דיסטריקטען פון ניו יארק און דאס זעלבע וועט מיט דער צייט איינגעארדענט ווערען אין פיעלע דיסטריקטען פון לאנד, וואו דאס וועט זיין נויטיג.

2) וועגען דיסטריקט דאקטוירים: אזא איינפיהרונג וואלט שוין לאנג צוריק באדארפט זיין אין ארבייטער רינג, האבען אבער די קאונטרי ברענטשעס ביז איצט וועגען דעם ניט געוואלט וויסען. די קאמיטע האט אבער געגלויבט, אז פאר די ניו־יארקער ברענטשעס איז דאס באזונדערס נויטיג און האבען גערופען א קאנפערענץ פאר דעם צוועק אין ניו יארק. די קאנפערענץ האט די רעקאמענדיישאן פון דער קאמיטע צוריקגעוויזען. ערשט שפעטער האבען איינינע ברענטשעס זיך פאראייניגט און אנגעפאנגען ארבייטען פאר דעם צוועק, און פריהער אדער שפעטער, ווי עס שיינט, וועט די רעפארמע פון דיסטריקט דאקטוירים איינגעפיהרט ווערען. פריינד גאלדינג גלויבט, אז די נאציאנאלע פארוואלטונג וועט אויך דארפען מיטהעלפען דערצו.

3) אין צייט פון דער אינפלוענציע מגפה האט די קאמיטע זיך גערעכענט מיט דער לאגע, און ניט געפאדערט קיין אונטערשריפטען פון קאמיטעס אויף די קראנקען־סערטיפיקייטס. איצט אבער, ווען די מגפה איז פאראיבער, האט די קאמיטע פון דאס ניי געלאזט וויסען די ברענטשעס, אז אונטערשריפטען זיינען נויטיג, כדי די בענעפיטס זאלען אין צייט אויסגעצאהלט ווערען.

צוליעב דער מגפה איז די סומע פון בענעפיט אויסצאהלונגען באדייטענד פארגרעסערט געווארען. דאס איז אויך געווען די הויפט אורזאכע ווארום די קאמיטע האט דיעזען יאהר ניט געקענט באטראכטען קיין רעקאמענדיישאן וועגען העכערען די בענעפיט צאהלונגען. וואס אנבאלאנגט די רעקאמענדיישאן פון דער נעשאנאל באארד פאר ברענטש צאהלונגען, גלויבט ניט די בענעפיט קאמיטע אויב אזא רעקאמענדיישאן דארף געמאכט ווערען פון א נאציאנאלער קאמיטע.

4) צוזאמען מיט א ספעציעלער קאמיטע פון דער עקזעקוטיווע האט די בענעפיט קאמיטע אויך פיעל געהאלפען אין ארגאנזשירען די שנעלע מעדיצינישע הילף אין צייט פון דער אינפלוענציע.

5) לויט דעם באשלוס פון דער 18טער קאנווענשאן האט די בענעפיט קאמיטע זיך פארבונדען מיט איינינע האספיטאלס אין ניו יארק פאר ספעציעלע טריטמענטס פאר א. ר. מעמבערס, ווען נויטיג. ווען די באוויליגטע סומע פאר דעם צוועק וואלט זיין א גרעסערע, וואלט די קאמיטע געזוכט זיך צו פארבינדען אויך מיט אנדערע האספיטאלס.

פריינד גאלדינג ערקלערט ווייטער וועגען דער גרויסער ארבייט, וואס די קאמיטע האט געהאט צו טאן, אויפצופאסען אויף די מאסען בענעפיטס צוליעב די פיעלע קראנקען־פעלע. ער דערמאנט דערביי די רעקאמענדאציע אפצושאפען די בענעפיט קאמיטע, וועלכע ער האלט פאר ניט קיין בארעכטיגטע. ער ערקלערט אויך, אז אין די מעהרסטע פעלע האבען זיי די צווייפעלהאפטע קראנקען־סערטיפיקייטס אויסגעצאהלט. זיי האבען זיך דערביי אויך שטענדיג בעראטען מיט דער מעדיקאל אדוויזערי באארד און געהאנדעלט לויט זייער ראט. אויך די מעדיקאל אדוויזערי באארד איז לויט דער איבערצייגונג פון זייער קאמיטע שטענדיג געוועזען אם פלאץ ווען זייער הילף איז געוועזען נויטיג. די דאקטוירים האבען באזונדערס פיעל געהאלפען אין צייט פון דער עפידעמיע.

צולעצט רעקאמענדירט פריינד גאלדינג פאר דער בענעפיט קאמיטע, אז פרויען מיטגליעדער אויסער 3טע קלאס זאלען אויך זיין בארעכטיגט צו אלע קראנקען בענעפיטס, אויסער אזעלכע, וואס ווערען פאראורזאכט פון שוואנגערשאפט, ענטבינדונג אדער קינדער־זויגען. אין פארלויף פון יאהר האט די קאמיטע געהאט פעלע, וואו קראנקען בענעפיטס פון פרויען זיינען געמאהנט געווארען און די קאמיטע האט געגלויבט, אז זיי זיינען בארעכטיגט צו דעם, נאר די געזעצען האבען זיי ניט ערלויבט אזעלכע בענעפיטס אויסצוצאהלען.

פריינד גאלדינג ענדיגט זיין באריכט מיט א דאנק צו די רעלעגאטען פאר דער עהרע, וואס זיי האבען באוויליגט פאר איהם און דער קאמיטע צו קענען טאן זייער טייל ארבייט פאר'ן ארבייטער רינג.

פריינד דר. קליכענקא באריכטעט פאר ד'ער מעדיקאל אדוויזערי באארד:

די מעדיקאל אדוויזערי באארד האט אין משך פון יאהר,

ווי שטענדיג, געהאַנדעלט אין אַלע פאַרגעלעגטע טעכנישע פראַגען. עס זיינען געוועזן פאַרשיעדענע פעלע, וואו זיי האָבען געמוזט האַנדלען לויט דער קאָנסטיטוציאָן. אַ באַזונדער פאַל פון אַ קראַנקער פרוי־מיטגליעד האָט, לויט גערעכטען יושר, אפשר, די בעניפיט געדאַרפט אויסגעצאָהלט ווערען, אָבער ניט לויט דער אַרבייטער רינג קאָנסטיטושאַן. נאַטירליך האָט די באָארד אַזוי אויך געמוזט האַנדלען. עס וואָלט אָבער געווען מעהר גערעכט צו די פרויען־מיטגליעדער, ווען די קאָנסטיטושאַן אין באַצוג צו בענעפיט פאַר פרויען קראַנקע זאָל טיילווייז געענדערט ווערען.

די פראַגע וועגען דיסטריקט דאָקטוירים האַלט די מעדיקאַל אַדווייזערי באָארד וויכטיג פאַר די קאַונטרי שטעדט פונקט ווי פאַר ניו יאָרק; די רעפאָרמע פון דיסטריקט דאָקטוירים האָט נאָך באַדאַרפט איינגעפיהרט ווערען מיט 4 יאָהר צוריק. אָבער עס שיינט, אַז פונקט ווי יעדע נייע איינפיהרונג, אַזוי זוכען די ברענטשעס דיעזע איינפיהרונג צו פאַרציהען. די לעצטע מגפה האָט אָבער די זעלבע פראַגע אַוועקגעשטעלט פיעל שאַרפער, און די לעצטע פאַסירונגען, ווי די מעהרסטע ברענטש דאָקטוירים האָבען באַהאַנדעלט די אַרבייטער רינג מעמבערס, ווייזען נאָך מעהר ווי נויטיג עס זיינען די דיסטריקט דאָקטוירים.

די מעדיקאַל אַדווייזערי באָארד רעקאָמענדירט דאַרום ווידער, אַז דיעזע רעפאָרמע זאָל באַלד איינגעפיהרט ווערען. די שטעדט זאָלען איינגעטיילט ווערען אין דיסטריקטען. אַ ליסטע פון דאָקטוירים זאָל צוזאַמענגעשטעלט ווערען פאַר יעדען דיסטריקט און די מיטגליעדער זאָלען די נויטיגע צאָהל דאָקטוירים ערוועהלען ביי אַ רעפערענדום אָפשטימונג. אויסער דעם זאָל אויך באַשטימט ווערען אַ ספּעציעלע גריוועגס קאָמיטע.

פריינד דר. קלימענקאָ באַריהרט אויך אין זיין באַריכט די פראַגע וועגען האָספּיטעלער; ער גלויבט, אַז דער האָספּיטאַל איז ניט מעהר קיין אַנשטאַלט פאַר געקליבענע, נאָר אַ פּאָבליק אינסטיטושאַן, אין וועלכער די אַרבייטער־באַוועגונג דאַרף זיין פאַראינטערעסירט, און דאַרום אויך דער אַרבייטער רינג אַלס אַן אַרבייטער־קערפּערשאַפט.

די באָארד רעקאָמענדירט ווידער, אַז יעדער מיטגליעד פון 40 יאָהר אַלט און העכער זאָל וועניגסטענס 1 מאָל אין יאָהר אונטערזוכט ווערען פון אַ דאָקטאָר. דער אָנגעשטערנגטער לעבען, איבערהויפּט נאָך דער לעצטער מגפה, מאַכט אַזאַ רעפאָרם דרינגענד.

די באָארד רעקאָמענדירט אויך צו שאַפען ספּעציעלע קולטור־צענטערס, וואו עס זאָל געלערענט ווערען גימנאַסטיק און פון צייט צו צייט זאָלען אויך געגעבען ווערען פאַרלעזונגען וועגען היגיענע, אַלע פיזישע פראַגען, וואָס זיינען שייך צום געזונד פון אַרבייטער זאָלען דאָרט דיסקוטירט ווערען.

יעדע צרה לערענט אויף ווייטער, און איינעם פון די וויכטיגסטע לעסאָנס האָט אונז אויך געגעבען די לעצטע מגפה. דיעזע צרה האָט אונז געוויזען, אַז אָפט איז דער מאַנגעל ניט אַזוי אין דאָקטוירים ווי אין נוירסעס. די באָארד דענקט דאַרום, אַז עס איז נויטיג איינצואָרדנען אַ ספּעציעלען קלאַס פאַר עלעמענטאַרע נוירסינג, וואו יעדע פרוי זאָל זיך באַקאָנען מיט די ערשטע כללים פון נוירסינג. אַזאַ קלאַס זאָל אויך זיין אין דעם דערמאָנטען קולטור־צענטער.

צו ענדע פון באַריכט ערקלערט אויך דר. קלימענקאָ, אַז כאָטש אין די אַ. ר. אָפיסעס ווערען קאַנדידאַטען אונטערזוכט צו 50 סענט, דאָך גלויבט ער, אַז עס איז בעסער צו צאָהלען אַ דאָלאַר און ווערען אונטערזוכט אין דאָקטאָר'ס אָפיס, ווייל דאָרט איז אַלעס בעסער איינגעאָרדנעט פאַר דעם צוועק.

עס ווערען געשטעלט אינטערפּעלאַציעס צו די באַריכט־אָפּגעבער:

אשפּיז, פון נעשאָנאַל באָארד: מיינט דער פאַרטרעטער פון דער בענעפיט קאָמיטע, אַז די עקזעקוטיווע, וועלכע רעקאָמענדירט אויך די אָפּשאַפונג פון בענעפיט קאָמיטע, פאַרשטעהט אויך ניט די וויכטיגקייט פון דער קאָמיטע, פונקט ווי די נעשאָנאַל באָארד?

פעדערמאַן, שיקאַגאָ: 1) וואַרום קענען די ברענטשעס יאָ צאָהלען עקסטרא בענעפיט און דער דזשענעראַל אָפיס ניט? 2) האָט די בענעפיט קאָמיטע געטראַכט וועגען אַ צווייטע קלאַסע בענעפיט? 3) וואַרום דענקט די מעדיקאַל אַדווייזערי באָארד, אַז בלויז מעמבערס אין עלטער איבער 40 יאָהר דאַרפען איינמאָל אין יאָהר אונטערזוכט ווערען פון אַ דאָקטאָר און אויך ניט קיין יינגערע?

גאַלינסקי, ניו יאָרק: אויב אַרום 18 קאַנדידאַטען ווערען אונטערזוכט אין צייט פון אַ האַלבע שטונדע אין אָפיס, צי גלויבט די מעדיקאַל אַדווייזערי באָארד, אַז אַזעלכע אונטערזוכונגען זיינען צופריעדענשטעלענד?

גרינשפּאַן, ברוקלין: וואַרום זיינען די בראָנזווילער עקזאַמינערס ניט קיין מעמבערס פון דער סאָצ. פּאַרטיי און אַפילו ניט פון אַרבייטער רינג?

קאָהען, אַלבאַני: ווער צאָהלט דען פאַר די עקזאַמיניישאָנס, צוליעב וועלכע די נאַצ. בענעפיט קאָמיטע האָט געדאַרפט האַנדלען?

גאָלעמבאַ, באָפלאָ: וואַרום ווערען די בענעפיטס אין צייט ניט אויסגעצאָהלט?

עפּשטיין, טאָראָנטאָ: האָט די מעדיקאַל אַדווייזערי באָארד געענטפערט אויף פראַגען וועגען צוריקגעוויזענע קאַנדידאַטען?

וויינריב, שיקאַגאָ: וואַרום האָט די בענעפיט קאָמיטע אויך ניט געזוכט איינצואָרדנען, אַז אין שיקאַגאָ זאָל מעגליך זיין צו עקזאַמינירען קאַנדידאַטען צו 50 סענט?

ראַבינסקי, פּיטסבורג: פון ווען צאָהלט דער אָפיס קראַנקען בענעפיט פאַר יורין קראַנקע?

פריינד גאָלדינג ענטפערט אויף די פראַגען פאַר דער בענעפיט קאָמיטע פאָלגענדעס:

1) פאַרלויפיג האָבען מיר געהערט אין באַריכט פון נעשאָנאַל באָארד וועגען דער אָפּשאַפונג פון דער בענעפיט קאָמיטע. די עקזעקוטיוו האָט נאָך ניט באַריכטעט, און מיט אונזערע באַמערקונגען האָבען מיר זיך דאַרום באַצויגען צום געגעבענעם באַריכט.

2) די בענעפיט קאָמיטע האָט ניט קיינע רעקאָמענדיישאָנס וועגען בענעפיט צאָהלונגען פון ברענטשעס.

3) די פראַגע וועגען אַ צווייטע קלאַסע בענעפיט האָט די בענעפיט קאָמיטע ניט געקענט באַטראַכטען. — די אורזאַכע האָבען מיר שוין דערמאָנט אין באַריכט.

4) אין בראָנזוויל זיינען די מעדיקאַל עקזאַמינערס יאָ סאָציאַליסטען.

5) די קאַנדידאַטען זעלבסט צאָהלען פאַר זייערע עקזאַמיניישאָנס און דאַרום ווילען מיר עס זאָל זיי קאָסטען וועניגער.

6) די בענעפיטס זיינען שטענדיג אין צייט אויסגעצאָהלט געוואָרען, אויסער די לעצטע וואָכען, ווייל פיעלע קראַנקען־סערטיפיקייטס ווערען נאָך אַלץ געשיקט פון די סעקרעטערע אָהן קאָמיטע אונטערשריפטען.

7) אין שיקאַגאָ צאָהלט מען נאָך פאַרלויפיג די מעדיקאַל עקזאַמינערס ניט מעהר ווי צו 50 סענט.

8) פאַר אַלע קראַנקען־פעלע, יורין אַריינגערעכענט, צאָהלען מיר נאָך דעם ווי דער קראַנקער איז 3 מאָנאַטען אין אַרבייטער רינג.

פריינד דר. קלימענקאָ ענטפערט אויף די פראַגען פאַר דער מעדיקאַל אַדווייזערי באָארד:

1) מיר רעקאָמענדירען אונטערזוכונגען פאַר מעמבערס איבער 40 יאָהר אַלט, ווייל פון יענעם עלטער קומען מעהרסטענס די שאַרפע און אונערוואַרטעטע קראַנקהייטען.

2) די מעדיקאַל אַדווייזערי באָארד ווייסט ניט פון קיין פעלע וואו אַ קאַנדידאַט ווערט אונטערזוכט אין צייט פון אַ מינוט. אויב מאַנכע ווייסען אַזוינס באַשטימט, איז דאָס זייער שולד וואָס זיי ברענגען ניט קיין קלאַגען.

3) וועגען צוריקגעוויזענע קאַנדידאַטען וואָלטען די ברענטש קאָמיטעס זיי זעלבסט באַדאַרפט מעהר איינצעלהייטען אויספרעגען. אונז ענטפערט מען וועניג און מיר ווייסען דאַרום וועניג וועגען דעם, אָבער מיר טוען אַלעס וואָס ס'איז נויטיג פאַר דער אונטערזוכונג.

דר. קלימענקאָ ערקלערט אויך, אַז אַזאַ פראַגע, וואָס איז געשטעלט געוואָרען פון פריינד גרינשפּאַן פון ברוקלין, טאָר

נאָר אפילו ניט גענומען ווערען אין אכט. עס איז ניט וויכטיג צי דער אָדער יענער דאָקטאָר איז א סאָציאַליסט אָדער ניט, די מעדיקאל באָארד איז פאראינטערעסירט, אז דער עקזאַמינער זאָל זיין א דאָקטאָר און קענען און היטען זיין פאך, און בלויז אויף דעם האָבען זיי געהאלטען פאר נויטיג אויפצופּאַסען.

אַ דאנק ווערט אויסגעדריקט צו ביידע קאָמיטעס און זייערע באריכט־אָפּגעבער.

גענ. פיליפּ ראנדאָלף באגריסט די קאָנווענשאַן אין נאָמען פון דער נעשאָנאל אסס'ן, וועלכע פּראָפּאגאנדירט דעם טרייד־יוניאָניזם צווישען די נעגער.

אין א ווארימער רעדע ערקלערט ער דעם צושטאנד פון די נעגער־ארבייטער, און הויפּטזעכליך די באציהונג צו זיי פון די אמעריקאנער יוניאָנס, ווי פון דעם אמעריקאנער קאפּיטאליסטען־קלאס: ער באטאָנט נעמליך; אז אין דער צייט ווען די מעהרסטע יוניאָנס האלטען פארשפּארט זייערע טירען פאר די שווארצע ארבייטער, זיינען אָבער די טירען פון די פארשיעדענע פאבריקען פאר זיי אָפען, צו סקעבען אין צייטען פון סטרייקס. זייער אסס'ן האָט זיך דארום גענומען פאר דער אויפגאבע צו אָרגאניזירען די נעגערס אין יוניאָנס, ווייל איין טייל ארבייטער קענען ניט זיין אָרגאניזירט אין צייט ווען א צווייטע טייל איז ניט אָרגאניזירט. פאר דיעזען צוועק גיט זייער אסס'ן אויך ארויס א ספּעציעלען זשורנאַל, און ער אפּעלירט און האָפט צו קריגען פון דער קאָנווענשאַן, ווי פון די ברענטשעס פון ארבייטער רינג, גענינענדע מאָראלע און פינאנציעלע שטיצע פאר דעם צוועק.

פריינד איזידאָר קאָהען באַגריסט די קאָנווענשאַן אין נאָמען פון דער נאטוראליזיישאָן אייד ליעג. פריינד קאָהען דערמאָנט די גוטע ארבייט פון דער ליעג און ערקלערט דערביי, אז די ארבייט פון דיעזער ליעג, צוליעב איהר וויכטיגקייט, דארף ניט נאָר אינטערעסירען די ניו־יאָרקער, נאָר אויך אַלע קאָונטרי דעלעגאטען. ער האָפט דארום, אז די קאָנווענשאַן וועט נעהמען דאָס אין אכט און שטיצען די ארבייט פון דער ליעג מעהר ווי ביז איצט.

גענ. לולאָוו באגריסט די קאָנווענשאַן אין נאָמען פון דער אידישער סאָציאליסטישער פעדעראציע. אין זיין באגריסונג זאָגט גענ. לולאָוו: פיעלעס וואָס מען קען זאָגען וועגען די נעגער־ארבייטער קען מען אויך זאָגען וועגען די אידישע ארבייטער; אויך מיט אונזערע אידישע ארבייטער האלט מען נאָך אין איין'טענה'ן, אז מיר דארפען זיך ניט מישען אין פּאָליטיקס. מען מאכט אונז נאָך היינט פאָרווירפע און באשולדיגונגען פאר יעדען רעוואָלוציאָנערען אקט, וואָס ווערט דורכגעפיהרט, אָבער אונזער רעוואָלוציאָנערע טעטיגקייט איז ביז איצט אָנגעפיהרט געוואָרען און אָהן שרעק וועלען מיר געוויס אונזער ווייטערע טעטיגקייט פאָרטזעצען פאר דער פאַרווירקליכונג פון אונזער אידעאל.

קורצערע באגריסונגען ווערען אויך געהאלטען פון גענ. סלאָון, פאר דער לייבאָר לייסעאום קאָמיטע פון דעטראָיט, און פון גענ. בינעלמען, פאר דער לייסעאום קאָמיטע פון אָוקלאנד.

פריינד יוקעלסאָן באגריסט די קאָנווענשאַן אין נאָמען פון די שיקאגאָ'ר געווערקשאפטען און אין נאָמען פון די סטרייקענדע סיגאר מייקערס. ער דערצעהלט וועגען קאמף, וואָס ווערט אָנגעפיהרט פון די סטרייקענדע סיגאר מאכער שוין 20 וואָכען. די סטרייקער שטעהען אויס גענוג אינדזשאנקשאָנס, טרייעלס און עהנליכע צרות, וואָס אזא קאמף קען מיטברענגען. ער אפּעלירט אויך צו די דעלעגאטען פאר מאָראלער און פינאנציעלער שטיצע.

פריינד פריימאן באריכטעט פאר דער אָפּיס קאָמיטע פאָלגענדעס:

„ווען מיר האָבען איבערגענומען די לעצטע פארוואלטונג אין אָפּיס איז אפילו אַלץ געווען אין אָרדנונג, אָבער אין משך פון יאָהר האָבען פיעלע נייע אויסבעסערונגען געמוזט געמאכט ווערען און אזעלכע זיינען איינגעפיהרט געוואָרען.

צוליעב דעם דרעפט, די מגפה און פיעלע נייע איינפיהרונגען אין דער נאציאָנאלער פארוואלטונג לעצטען יאָהר האָט די אָפּיס קאָמיטע, באזונדערס דעם יאָהר, געהאט פאר זיך א שווערע אויפגאבע. גרויכע סומען קראנקען בענעפיט זיינען דעם יאָהר אויסגעצאָהלט געוואָרען און פראַטאָוירנאל רייטס זיינען איינגעפיהרט געוואָרען. אויך די ארבייט פאר לעגאַליטעט, כאָטש די עקזעקוטיוו האָט פאר דעם ערוועהלט א ספּעציעלע קאָמיטע, האָט אָבער דער אָפּיס אויך געטאָן דערביי ארבייט. דאָס אַלעס האָט אין אָפּיס די ארבייט שווערער געמאכט. עס איז אויך איינגעפיהרט געוואָרען א רעקאָרד פאר די נעדרעפטעטע מעמבערס, א דרעפט טשעק פאר מויטען בענעפיט און איינינגע אנדערע איינריכטונגען.

פיעלע ברענטשעס האָבען זיך געווענדעט צו דער אָפּיס קאָמיטע וועגען א זיכערען פּלאַץ פאר זייערע באָנדס און סטעמפּס, און די אָפּיס קאָמיטע האָט איינגעפיהרט א וואָלט פאר דעם צוועק אין אָפּיס.

די איינפיהרונג אין אָפּיס, אז א מעמבער וואָס צאָהלט איין אין ענדע קוואָרטאל זאָל ניט אויפגענומען ווערען ביז אנפאנג פון נעקסטען קוואָרטאל האָט דער קאָמיטע פארשאפט פיעל טראָבעל. עס האָבען פּאסירט פעלע לעצטען יאָהר — עקסידענטס, מיט איינינגע, וועלכע זיינען געוועזען מעמבערס לויט דעם ראַטום, וואָס זיי האָבען איינגעצאָהלט,־ווען אין דער ווירקליכקייט זיינען זייערע אפּליקיישאָנס אין אָפּיס נאָך ניט געוועזען אנגענומען. די קאָמיטע האָט דארום לעצטענס באשלאָסען, אז יעדע אפּליקיישאָן, וואָס קומט אריין אין אָפּיס אין ענדע קוואָרטאל, זאָל ניט אָפּגעלעגט ווערען ביז צום אנפאנג פון נעקסטען קוואָרטאל.

קיין גרויסע אינוועסטמענטס האָט די אָפּיס קאָמיטע דעם יאָהר ניט געקענט מאכען, ווייל די גרויסע סומען פאר בענעפיט צוליעב דער מגפה פלעגען איינשלינגען די קעס, וואָס דער אָפּיס האָט באקומען. דאָך זיינען אין משך פון יאָהר אויך געמאכט געוואָרען אינוועסטמענטס אויף דער סומע פון 91,000 דאָלאר.

די צאָהל פון געדרעפטעטע מיטגליעדער האָט געגרייכט ביז 2411. אויף ווי ווייט עס איז איצט באוואוסט, וועלען 50 פון זיי זיך שוין געוויס ניט אומקעהרען.

אין דער ארבייט פאר לעגאליטעט האָט דער אָפּיס אין די מעהרסטע סטייטס געטאָן די ארבייט אָהן לאָיערס בעסער ווי אין איינינגע מיט אנגעשטעלטע לאָיערס.

דער אדמיניסטריישאָן פאנד איז דעם יאָהר געוועזען זעהר גרויס צוליעב די אויסגאבען פאר ליגעל מוירוויס, העכערונגען אין געהאלט און עהנליכעס, וואָס איז געוועזען אונמעגליך צו פארמיידען.

מיט דער הילף פון פריינד איוועסקי האָט דער אָפּיס דעם יאָהר איינגעפיהרט די סטייטמענטס פאר דעם אוידיטינג דעפּארטמענט. אין אנפאנג, ווי א נייע זאך, איז דער ערפאָלג דורך דיעזע סטייטמענטס ניט געוועזען אזוי פאָלקאָם; אָבער וואָס ווייטער איז דאָס געוועזען שוין בעסער. די גרויסע צאָהל ברענטשעס, וואָס האָבען פריהער די סטייטמענטס ניט אריינגעשיקט, האָט זיי דער אָפּיס אויפגעפאָדערט א צווייטען מאָל דאָס צו טאָן, און די סטייטמענטס ווערען אריינגעשיקט. מיט דער הילף פון סעקרעטער פריינד באסקין און אנדערע פון אָפּיס איז די ארבייט אין אָפּיס דעם יאָהר געוועזען זעהר צופריעדענשטעלענד.

עס ווערען געשטעלט אינטערפּעלאציאָנען צו דער אָפּיס קאָמיטע:

פעדערמאן, שיקאגאָ: דענקט די אָפּיס קאָמיטע אנצוהאלטען די קוואָרטאל רעפּאָרטס? און אויב יאָ, ווארום ווערען זיי ניט אין צייט ארויסגעשיקט?

סילווערמאן, סיראקיוז: צי האָט די אָפּיס קאָמיטע באטראכט וועגען מאָרטגיידזש אינוועסטמענטס פאר לייבאָר לייסעאומס?

גרינשפּאן, ברידזשפּאָרט: ווארום ווערען אָפּט די אויסצאָהלונגען פון טויטען בענעפיט אזוי לאנג פארהאַלטען? — ער ברענגט דערביי א פאל מיט אזא קיים פון סאוטה נאָרפאָלק.

פּאָרמאן, אלענטאון: אין וואָס איז דער ערפאָלג פון די קוואָרטאל סטייטמענטס?

פריינד פריימאַן ענטפערט פאָלגענדעס:

1) מיר שיקען ארויס די סטייטמענטס יעדען קוואַרטאַל צו די ברענטשעס.

2) לייסעאומס, וואָס געהען דורך גאַראַנטירטע מאָרטגיידזשעס, אויף אַזעלכע וועלען מיר מעגליך אויך קענען איינוועסטען.

3) מיר צאָהלען אויס אַלע טויטען קליימס אין צייט, מיט דער אויסנאַהמע פון אַזעלכע, וועגען וועלכע עס זיינען נויטיג די געזעצליכע באַווייזע.

4) די סטייטמענטס קומען אריין אַלץ מעהר, און דאָס האָט שוין פיעל אויסגעבעסערט די רעכענונגען פון פיעלע ברענטשעס.

די קאָמיטע מיט איהר באַריכט־אָפּגעבער ווערען באַדאַנקט.

פריינד ליבערמאַן, אין נאָמען פון בר. 181, פאַרלאַנגט, אַז אַזוי ווי איצט זיינען דאָ אין שטאָדט די דאָקטוירים פון מעדיקאַל אַדווייזערי באָאַרד, זאָל דארום געהאַלטען ווערען אַ קאָנפערענץ צווישען זיי און דעם דעטראָיטער דאָקטאָר, וואָס האָט געהנדעלט אין דער קייס פון זייערער אַ קראַנקער פריינדין, וועמעס בענעפיט עס איז פון דער באָאַרד צוריקגעוויזען געוואָרען. דער טשערמאַן פון דער זיצונג ענטשיידעט, אַז אַזאַ פראַגע באַלאַנגט צו דער פאַרוואַלטענדער קאָמיטע.

פריינד צביון באַגריסט די קאָנווענשאַן אין נאָמען פון סענטראַל פאַרבאַנד פון „בונד“. ער ערקלערט אין זיין באַגריסונג, אַז אויב מיט אַ יאָהר צוריק האָט דער „בונד“ קיין געלד־שטיצע ניט פאַרלאַנגט, איז דאָס אָבער דערפאַר נויטיג דעם יאָהר. דער סענטראַל פאַרבאַנד פון „בונד“ האָט לעצטענס דערהאַלטען איינינגע באַריכטען פון רוסלאַנד, אַז די באַוועגונג דאָרט וואַקסט און געלד איז נויטיג. אַ באַזונדער באַריכט איז ערהאַלטען געוואָרען פון גען. נח'ן פון וואַרשאָ און אַ מעלדונג, אַז דער „בונד“ נויטיגט זיך אין געלד אויף ארויסצוגעבען אַ טעגליכע צייטונג און פאַר אַנדערע וויכטיגע אונטערנעהמונגען. ער דריקט אויס די האָפנונג, אַז די רעזאָלוציאָנס־קאָמיטע וועט דיעזען פאַרלאַנג האָבען אין זינען.

פריינד צביון באַריכטעט נאָכדעם פאַר דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע:

ער באַטאָנט, אַז לײדער ווערט נאָך היינט ביי פיעלע די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע באַטראַכט אַלס אַן אונוויכטיגע אין דעם אַרבייטער רינג, ווייל ניט אַלע פון אונז האָבען זיך שוין איינגעלעבט צו גלויבען, אַז ווען עס פעהלט אַ נשמה בלייבט דער גוף אויך אַ קראַנקער.

די קאָמיטע האָט אין לעצטען יאָהר געטאָן אַרבייט וויפיעל עס איז געווען מעגליך, הגם ניט צופיעל, און אויך דאָס, וואָס איז געטאָן געוואָרען, איז דעם יאָהר געווען מיט דער הילף פון אַ ספּעציעל באַצאָהלטען סעקרעטער.

די קאָמיטע האָט אויך דעם יאָהר ארויסגעגעבען איינינגע ביכער. לויט דעם באַשלוס פון לעצטער קאָנווענשאָן האָט די קאָמיטע אויך געהאָלפען גרינדען די אַרבייטער רינג שולען, וועלכע האָבען זיך אין אָנפאַנג ארויסגעוויזען צו זיין אַן ערפאָלג. דער ערפאָלג וואָלט געוויס געקענט זיין אַ גרעסערער, נאָר דער טעקס פון 2 סענט איז ניט גענוג פאַר דעם צוועק.

אין שייכות מיט די שוהלען איז יעצט פאַר דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע ענטשטאַנען אַ וויכטיגע פראַגע וועגען לעהרער. עס זיינען נויטיג לעהרער פאַר די שוהלען אין פיעלע שטעדט פון לאַנד, וואו אַזעלכע ווערען געשאַפען, און די לעהרער זיינען אויסער דעם אויך נויטיג אַלס אַזעלכע, וועלכע וועלען קענען דיענען אַלס לעהרער פאַר די געמיינדעס אין יעדען אידישען צענטער פון לאַנד, און דערצו איז אָבער נויטיג געלד.

פריינד צביון דריקט אויס אין נאָמען פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע די פולע אַנערקענונג צו די איינינגע לעהרער, וואָס זיינען יעצט באַשעפטיגט אין די אַרבייטער רינג שוהלען, הויפּטזעכליך אין ניו יאָרק. ער ערקלערט דערביי, אַז דיעזע לעהרער האָבען זיך ארויסגעוויזען צו זיין פון די פעהיגסטע און מיט דער גרעסטער איבערגעבענהייט טוען זיי זייער אַרבייט אין די שולען.

דער כאָר, די פרייע אידישע פאָלקסביהנע און דער אָרקעסטער האָבען דעם יאָהר נאָך מעהר געדיענט אין דעם געזעלשאַפטליכען לעבען פון די ברענטשעס. דער אָרקעסטער האָט לעצטען יאָהר זיך געשטעלט אויף אַ פעסטערען באַזיס. זיי האָבען געעפענט אַ מוזיק־שולע, וועלכע איז נויטיג, און וועט אויך האָבען אַן ערפאָלג. די קאָמיטע האָט חוץ די ניו־יאָרקער אויך לעצטען יאָהר געשטיצט די גרינדונג פון כאָר און אָרקעסטער אין דעטראָיט און דעם כאָר אין פּעטערסאָן. אַן אַרבייטער רינג כאָר איז היינט שוין אויך דאָ אין מילוואָקי און אין איינינגע אַנדערע שטעדט. די קאָמיטע האָט זיי געשטיצט וועניגער ווי נויטיג צוליעב מאַנגעל אין געלד. ווען די עדיוקיישאָנאַל אַרבייט וועט מעהר פעסטגעשטעלט ווערען אַלס אָרגאַנישער טייל פון אַרבייטער רינג, און דער בודזשעט פאַר דער קאָמיטע וועט זיין אַ גענינגענדער, וועט דאַן די שטיצע אויך זיין אַ באַדייטענדע.

די קאָמיטע האָט אין לעצטען יאָהר — אַלס פּראָבע — אָרגאַניזירט די סיטי עדיוקיישאָנאַל קאָמיטעס. אין איינינגע שטעדט זיינען די קאָמיטעס געווען אַן ערפאָלג, אין אַנדערע נאָך ניט, אָבער זיי וועלען דאַרפען אומעטום אָרגאַנאיזירט ווערען און מען וועט זיי אויך מוזען געבען מעהר הילף מיט געלד פאַר זייער אַרבייט.

די קאָמיטע האָט זיך לעצטען יאָהר אויך פאַראייניגט מיט דער יונייטעד לייבאָר עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע אין ניו יאָרק פאַר דעם צוועק דורכצופיהרען גרויסע עדיוקיישאָנאַל אונטערנעהמונגען געמיינשאַפטליך. די קאָמיטע האָט געגלויבט, אַז די אידעע פון אַזאַ פאַראייניגונג איז אַ נויטיגע. אין דער פּראַקטיק האָט אָבער די זעלבע אידעע ניט אַזוי געאַרבייט ווי אין דער טעאָריע. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע וועט די זעלבע פראַגע באַטראַכטען וועגען ווייטער.

די קאָמיטע האָט אויך באַשלאָסען ארויסצוגעבען אַ בוך וועגען דער פיזישער ערציהונג פון קינד, געשריבען פון אַ קאָמפּעטענטער שרייבערין. די עקזעקוטיווע האָט דעם באַשלוס צוריקגעוויזען, אָבער ס'איז מעגליך, אַז די עקזעקוטיווע וועט איהר באַשלוס נאָך ענדערען און דער בוך וועט ארויסגעגעבען ווערען, ווייל די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האַלט אַזאַ בוך פאַר אַ זעהר ניצליכער אויסגאַבע. די אַלגעמיינע צאָהל ביכער אין לעצטען יאָהר, וואָס זיינען פון אָפּיס פאַרקויפט געוואָרען צו די ברענטשעס, איז געווען 32 טויזענד.

לויט די פיעלע בריעף אין אָפּיס איז די קאָמיטע איבערצייגט, אַז דער „פריינד“ איז לעצטען יאָהר געווען זעהר צופריעדענשטעלענד. נייע אויסבעסערונגען, סיי אין „פריינד“, ווי אין דער עדיוקיישאָנאַל אַרבייט, וועלען נאָך געוויס געמאַכט ווערען. מיט דער הילף פון אַלע מיטגליעדער אין אַרבייטער רינג איז די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע דאָס גרייט צו טאָן.

פריינד ל. דינערשטיין פון ניו יאָרק ווערט ערוועהלט אַלס טשערמאַן פאַר דער נעקסטער זיצונג. פריינד באַק ווערט ערוועהלט אַלס וויים־טשערמאַן.

---

## 4טע זיצונג

די 4טע זיצונג ווערט ערעפענט דיענסטאַג דעם 6טען מאַי, 2:30 נאָכמיטאָג.

פריינד איווענסקי לעזט פאַר דעם פּראָטאָקאָל פון דער צווייטער זיצונג, וועלכער ווערט אָנגענומען.

פריינד דר. האַלפּערן באַריכטעט פאַר דער סאַניטאַריום מעדיקאַל באָארד:

די מעדיקאַל באָארד האָט אויך לעצטען יאָהר פאָרטגעזעצט איהר טעטיגקייט אַלס ראַטגעבערין. זיי האָבען געהאַלטען פיעלע מיטינגען דורך דעם יאָהר, און ער, אַלס סעקרעטער פון באָארד, האָט אויך אָפט באַזוכט די מיטינגען פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע.

מיט דעם מעדיקאַל דירעקטאָר פון סאַניטאַריום האָבען מיר געהאַלטען באַראַטונגען וועגען פּאַציענטען, וואָס פלעגען דאַרפען פאַרלאָזען דעם סאַניטאַריום, און צו די וואָס פלעגען פאַרלאָזען דעם סאַניטאַריום פלעגען מיר געבען אַ ראַט וועגען זייער ווייטערער באַשעפטיגונג.

אין סאַניטאַריום ווערט געפיהרט אַ פאָלשטענדיגער רע־

קאָרד פון דעם פּאַציענטס צושטאַנד און ווערט נאָכגעפאָלגט די גאַנצע צייט וואָס ער געפינט זיך דאָרטען.

די מעדיצינישע באַהאַנדלונג בכלל איז געווען אַן אויסגעצייכנטע. עס זיינען איינגעפיהרט געוואָרען זון־בעדער און אויך שטופענמעסיגע אַרבייט פאַר פּאַציענטען. עס איז אויך גענומען געוואָרען די באַהאַנדלונג מיט דער ניו מאַטאַריק פאַר אַזעלכע פּאַציענטען, וואָס זיינען שוין ווייט אין זייער קראַנקהייט. 4 פּאַציענטען זיינען באַהאַנדעלט געוואָרען מיט דער הילף פון דעם ניו מאַטאַריק און די רעזולטאַטען זיינען צופריעדענשטעלענדע. אויך די לאַבאָראַטאָריע איז לעצטען יאָהר געווען זעהר גוט, די עקס־רעי סוירווים איז געווען אויסגעצייכנט, און די ליחות פון די פּאַציענטען זיינען 2 מאָל וועכענטליך עקזאַמינירט געוואָרען.

נאָך דעם אופן, ווי אין אונזער סאַניטאַריום ווערט מען באַהאַנדעלט, וועט אונזער סאַניטאַריום אין גיכען אוועקגעשטעלט ווערען אין קלאַס „איי“. דאָס איינציגע, וואָס קאָן אונז אפשר שטערען צו ווערען קלאַסיפיצירט אַלס קלאַס „איי“, איז דאָס, וואָס אונז פעהלט אַ שולע פאַר נוירסעס.

די רעזולטאַטען פון דער ערהאָלונג פון אונזערע פּאַציענטען זיינען אויסערגעוועהנליך גוטע. איינטיילענדיג דעם צושטאַנד פון די קראַנקע אין 3 קלאַסען, באַקומט זיך פאָלגענדער רעזולטאַט.

אין קלאַס 1 האָבען מיר געהאַט 153 פּאַציענטען און ביי 90 פּראָצענט פון זיי איז די קראַנקהייט אָפּגעשטעלט געוואָרען, ווען זיי האָבען פאַרלאָזען דעם סאַניטאַריום. אין קלאַס 2 האָבען מיר געהאַט 42 פּאַציענטען, ביי 57 פּראָצענט פון זיי איז די קראַנקהייט אָפּגעשטעלט געוואָרען, ווען זיי האָבען פאַרלאָזען דעם סאַניטאַריום. אין קלאַס 3 האָבען מיר געהאַט 17 פּאַציענטען: איינער איז געשטאָרבען, אָבער 9 פון זיי האָבען פאַרלאָזען דעם סאַניטאַריום אין אַ בעסערען צושטאַנד.

דיעזע רעזולטאַטען זיינען אויך צו פאַרדאַנקען די גוטע נאַהרונג, וואָס אונזערע פּאַציענטען קריגען. דער דורכשניטליכער געווינס אין געוויכט, וואָס אונזערע פּאַציענטען האָבען באַקומען, איז געווען 17 פונט.

איך מוז אָבער אויך זאָגען, אַז אונזערע פּאַציענטען פעהלט דער באַגריף וועגען די מיטלען, וועלכע קענען זיי קורירען, און זיי שטאָפּען זיך אָפּט איבער מיט צופיעל עסען.

מיר האָבען פאַר זיי געהאַלטען לעקציעס וועגען דיעזען געגענשטאַנד, אָבער די פּאַציענטען בייטען זיך אַזוי אָפּט, אַז דאָס ברענגט ניט די געווינשטע רעזולטאַטען.

אַ זעהר וויכטיגער אומשטאַנד אין סאַניטאַריום איז אויך וועגען דער אַרבייט פאַר דעם פּאַציענט:

ווען אַ פּאַציענט קומט אַ ביסעל צו זיך און שטעלט זיך אויף די פיס, מוז ער טאָן פיזישע אַרבייט. אונזערע פּאַציענטען איז אָבער שווער צו איבערצייגען, אַז דאָס איז נויטיג פאַר זייער געזונד. זיי דענקען, אַז מיר ווילען זיי עקספּלואַטירען.

אין דער צייט פון דער גרויסער עפּידעמיע האָבען מיר געהאַט בלויז 6 קראַנקען־פעלע, אַריינרעכענענדיג פון די אָנגעשטעלטע, וועהרענד דער פּראָצענט פון קראַנקע אין אַנדערע אינסטיטושאַנס איז געווען אַ פיעל גרעסערער. צום ביישפּיעל: אין בעדפאָרד היל סאַניטאַריום איז געווען 54 קראַנקען־פעלע מיט 15 טויטען־פעלע; אין אַ צווייטער עהנליכער אינסטיטושאַ איז געווען 50 קראַנקען־פעלע און 5 טויטען־פעלע; אין אַ דריטער אינסטיטושאַן איז געווען 150 קראַנקען־פעלע און 2 טויטען־פעלע.

די לעצטע טראָבעלס אין סאַניטאַריום איז געווען די אַרבייט פון בלויז אַ פּאָר פּאַציענטען, וועלכע דענקען אַז עס עקזיסטירט אַ קלאַסען־קאַמף צווישען די פּאַציענטען און דער סאַניטאַריום קאָמיטע. די דעלעגאַטען ביי דיעזער קאָנווענשאַן דאַרפען דאַרום פעסטשטעלען דעם כלל, אַז ווען אַ פּאַציענט קומט אין סאַניטאַריום, קומט ער ניט אַלס אַן אינספּעקטאָר, נאָר אַלס אַ פּאַציענט. אַ שטאַרקע דיסציפּלין אין סאַניטאַריום מוז אונטער אַלע אומשטענדען עקזיסטירען. פיעלעס פון דיעזען צושטאַנד קאָן מען אויך צושרייבען צו דעם, וואָס אויסער דעם וואָס קראַנקע זיינען בכלל נערוועז האָבען אונזערע פּאַציענטען אויך ניט קיין באַשעפטיגונג. עס איז דאַרום נויטיג צו שאַפען פאַר זיי באַשעפטיגונג און צו האַלטען דעם פּאַציענט אין אַ גוטער שטימונג.

אונזערע רעקאָמענדיישאָנס צו אייך זיינען:

1) איינצואָרדנען איינציגע שעפּער אין סאַניטאַריום. צ. ב ש. אַ בוך־בינדעריי, אויך אַ קאַרפּענטער שאַפּ, וואָס זאָל מאַכען פּיקטשור פריימס. די פּאַציענטען זאָלען אַרבייטען און קריגען פאַר זייער אַרבייט באַצאָהלט.

2) צו בילדען אַ רעקריאיישאַן רום פאַר די פּאַציענטען. די דיינינג רום, כאָטש אַ שעהנע רום, איז דאָך ניט פּאַסענד פאַר קיין אַסעמבלי רום פאַר די קראַנקע.

עס איז אויך נויטיג זיך צו פאַרטראַכטען, וואָס צו טאָן מיט די פּאַציענטען, ווען זיי פאַרלאָזען דעם סאַניטאַריום. די מעדיקאַל אַדווייזערי באָארד איז געקומען צום באַשלוס, אַז עס וואָלט געווען פּראַקטיש צו האַלטען דעם פּאַציענט אין זיין טרייד, אום ער זאָל ניט דאַרפען אָנווענדען קיין ענערגיע צו לערנען זיך אַ נייעם טרייד. פאַר דיעזען צוועק וואָלט געווען ראַטזאַם צו עטאַבלירען אַ וואָירק־שאַפּ, אונטער דער אויפזיכט פון אַ דאָקטאָר, און דער עקס פּאַציענט זאָל אַרבייטען אַזוי פיעל שטונדען, וויפיעל דער דאָקטאָר וועט איהם ערלויבען.

ווען דאָס זאָל עטאַבלירט ווערען קאָן מען ערוואַרטען, אַז דער פּאַציענט זאָל ניט קריגען קיין „רילעפּס“ פון זיין קראַנקהייט און וועט קאָנען נאָכקומען זיין באַשעפטיגונג.

אַזאַ שאַפּ, געגרינדעט פון אַן אַנדער אינסטיטושאַן, האָט שוין געוויזען צו ברענגען גוטע רעזולטאַטען. און איך האָף, איהר וועט דאָס אויך איינאָרדנען.

דער באַריכט־אָפּגעבער מיט דער סאַניטאַריום מעדיקאַל באָארד ווערען באַדאַנקט פון קאָנווענשאַן.

די פאָלגענדע אינטערפּעלאַציאָנען ווערען דאַן געשטעלט צו דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע:

כיימאַן, פלאָרידאַ: וואָרום האָט די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע פאַר דעם גאַנצען יאָהר אין פלאָרידאַ ניט געשיקט קיין לעקטשורער?

גאַלעמבאַ, באַפלאָ: 1) וואָרום קריגט ניו יאָרק דריי מאָל אַזוי פיעל לעקטשורערס ווי די קאָנטרי?

2) דער „פריינד“ איז יעצט אינטערעסאַנט צום לעזען, אָבער וואָרום קריגען איהם ניט אַלע מעמבערס? די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט שוין איינציגע מאָל פאַרשפּראָכען אויסצובעסערען אַלעס פאַר דעם צוועק און, ווי עס שיינט, איז דאָס נאָך ניט געטאָן געוואָרען.

די לעצטע פראַגע פרעגט אויך לאַנגער פון ברוקלין.

טערנער, פּעטערסאָן: 1) ביי אונז האָט זיך געגרינדעט אַ קינדער־שולע, אָבער וואָרום זעהט ניט די קאָמיטע, אַז אַלע פּעטערסאָנער ברענטשעס זאָלען זיך אין דער שולע פאַראינטערעסירען און זיין אַן איהר אָנגעשלאָסען?

2) עס עקזיסטירען כאָרען און אָרקעסטערס אין איינציגע שטעדט, וואָרום אינטערעסירט זיך אָבער ניט די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע צו וויסען ווי ווייט זיי זיינען אַן ערפאָלג?

באַיער, באַלטימאָר: מיר האָבען געוואָלט פּראָטעסטירען געגען דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, וואָרום שענקט זי איהר גאַנצע אויפמערקזאַמקייט אויף ניו יאָרק? ניו יאָרק האָט שפּאַצירען און מוזעאומס, אַן אייגענעם אָרקעסטער, אַ כאָר און לעקטשורס, וועלכע ווערען אַראַנזשירט גלייך פון אָנפאַנג סיזאָן, אָבער וואָרום טוט מען גאָר ניט פאַר די קאָנטרי?

קאָהען, אַלבאַני: וואָס איז די אורזאַכע, וואָס אין אַלבאַני האָט די ראַדיקאַלע שולע אויפגעהערט צו עקזיסטירען?

רודניצקי, טעקסעס: ביי אונז איז די עדיוקיישאָנאַל אַרבייט אַ לעבענס־פראַגע. אַ ביסעל מעהר אַרבייט אויפ'ן עדיוקיישאָנאַל געביעט וואָלט ביי אונז געבראַכט גוטע רעזולטאַטען פאַר דעם אַרבייטער רינג.

ביישאָף, מינעאַפּאָליס: איהר האָט אונז פאַרשפּראָכען, אַז מיר וועלען קריגען שטיצע צו גרינדען שולען, אָבער אונזער דירעקטאָר האָט אונז געלאָזט וויסען, אַז מיר זאָלען ניט ערוואַרטען פון אייך קיין שטיצע.

**ביילין, ניו יאָרק:** ברענטשעס האָבען אַראַנזשירט קאָנ־

צערטען און האבען זיך געווענדעט נאך קרעפטע צו אונזער ארקעסטער, כאר און פאלקס־ביהנע, ווארום האבען זיי ניט געקראגען?

לעוויטאן, ניו יארק: 1) ווארום האט איהר ערלויבט דער יונייטעד עדיוקיישאנאל קאמיטע צו אראנזשירען מיט דר. אייבעלסאן לעקטשורס איבער קאלעקטיווע אגרימענטס? האט איהר ניט געפונען קיין קאמפעטענטערען פון אונזער שטאנדפונקט?

2) וואס פאר א בענעפיטס האבען מיר פון אונזער ארקעסטער, כאר און פאלקס־ביהנע? פינאנציעלע שטיצע קריגען זיי פון אונז, און ווען מיר דארפען זיי האבען מוזען מיר זיי באצאהלען?

באסקין, האדסאן קאונטי: מיר האבען 10 ברענטשעס און מיר טוען עדיוקיישאנאל ארבייט, און בלויז 40 דאלאר האט אונז די קאמיטע געגעבען פאר דעם צוועק.

אלטמאן, ניו־יארק: רענקט ניט די עדיוקיישאנאל קאמ., אז די עדיוקיישאן אין אר. רינג באשטעהט יעצט הויפטזעכליך אין די שולען, וואס ווערען געגרינדעט, און אויב אזוי, ווארום באנוצט ניט די קאמיטע איהר עדיוקיישאנאל פאנד פאר דיעזען צוועק?

מיס מארקעל, ניו הייווען: האט די עדיוקיישאנאל קאמיטע אויסגעפארשט אויב די שולען זיינען א סוקסעס?

עבעריל, ניו יארק: מיר ווייסען, אז דער כאר אין ניו־יארק קאסט אונז גרויסע סומען געלד, וואס האט די עדיוקיישאנאל קאמיטע געטאן אום צו מאכען דיעזען כאר פאר אן ערפאלג?

פריינד צביון ענטפערט אויף די אינטערפעלאציעס:

1) פלארידא געפינט זיך גראדע אויף דער מעפ ביי דער עדיוקיישאנאל קאמיטע, אבער אום צו שיקען לעקטשורערס אהין וואלטען מיר פארנוצט האלב פון אונזער פאנד פאר דעם צוועק, וועלכער איז זעהר א באשרענקטער. אויסער דעם זיינען לעקטשורס יעצט געווארען א טייערער ארטיקעל, וואס מען קען ניט קריגען ווען און וואוהין מען וויל. דאס איז שוין אויך אן ענטפער צו די דעלעגאטען פון באפלא און טעקסעס.

2) די מיילינג פון „פריינד" איז פארבונדען מיט פיעלע שוועריגקייטען און מיר האבען געטאן דאס בעסטע, וואס איז געווען מעגליך אונטער די אומשטענדען. מיר האבען אבער לעצטענס באשלאסען אנצושטעלען אפילו 5 מענשען, וואס זאלען קענען אין א קורצער צייט קארעגירען אלע נעמען און אדרעסען, און דאס וועט געטאן ווערען.

3) פריינד זאלצמאן איז געווען אין פעטערסאן און אויף א מיטינג פון אלע ברענטשעס האט ער אגיטירט, אז זיי זאלען זיך אנשליסען אן דער שול. אויב איינינע ברענטשעס האבען דאס נאך ניט געטאן, איז דאס ניט די שולד פון קאמיטע.

4) באלטימאר קאן מען קיינמאל ניט צופריעדען שטעלען. מיר האבען זיי געשריבען, אז זיי זאלען אראנזשירען לעקטשורס און מיר וועלען זיי באוויליגען ביז 15 דאלאר צו יעדער לעקטשור, חאבען זיי אראנזשירט בלויז 3 לעקטשורס, האבען מיר זיי געגעבען צו 15 דאלאר פאר יעדער לעקטשור.

5) מיר האבען אנאנסירט אין דער פרעסע, אז די ברענטשעס, וואס ווילען גרינדען קינדער־שולען, וועלען מיר זיי העלפען. ביז היינט האט מען פון אלבאני צו אונז זיך נאך ניט געווענדעט.

6) אין מינעאפאליס איז געשריבען געווארען א בריעף צו פריינד מאגילעווסקי'ן, אז די עדיוקיישאנאל קאמיטע וועט יא שטיצען זייערע שולען, אויב דער פראגראם וועט זיין צופריעדענשטעלענד.

7) עס איז ריכטיג, אז איינינע ארגאניזאציאנען האבען ניט געקראגען קיינע קרעפטען צו זייערע ברענטש־אונטערנעהמונגען, אבער עס איז א זאך דער אונמעגליכקייט, אז יעדע ארגאניזאציאן זאל קריגען קרעפטען. און אין אמת'ן זיינען בלויז א גאנץ קליינע צאהל ברענטשעס בארעכטיגט זיך צו באסלאגען.

8) עס איז ריכטיג, אז דער ארקעסטער פארלאנגט באצאהלט 30 דאלאר פאר אן אונטערנעהמונג, אבער דאס איז בלויז צו דעקען די עקספענסעס פון קאר־פעיר און מוזיק פון עטליכע און דרייסיג לייטע, וואס זיינען אין ארקעסטער.

9) ווען עס וואלט זיך געהאנדעלט צו לעקטשורען וועגען אר. רינג, וואלט דר. אייבעלסאן ניט געלעקטשורט. אבער וועגען קאלעקטיווע אגרימענטס איז ער אן עקספערט, און דערצו האבען צוגעשטימט די יוניאן־פארטרעטער פון דער יונייטעד עדיוקיישאנאל קאמיטע.

10) האדסאן קאונטי האבען מיר געשריבען און געבעטען אונז צו לאזען וויסען וועגען דער טעטיגקייט, און דאן וועלען מיר זעהן וואס מיר קענען טאן פאר זיי. אבער קיין ענטפער האבען מיר פון זיי ניט באקומען.

פריינד דעקסטער באגריסט די קאנווענשאן אין נאמען פון דער רעטראיטער דיסטריקט קאמיטע.

גענאסע אלעקסאנדער קאהאן באגריסט די קאנווענשאן אין נאמען פון דער פיפעלס רעליעף קאמיטע:

איך בין יעצט ניט געקומען צו בעטען קיין געלד פון דער קאנווענשאן. דער ארבייטער רינג האט פיעל געטאן און טוט אויך איצט פאר די מלחמה קרבנות, פאר וועלכען איהם קומט פיעל קרעדיט. איך וויל זיך נאר באנוצען מיט דער געלעגענהייט און פארברענגען איינינע פאקטען:

הגם אן אפמאך פאר א וואפענשטילשטאנד איז אונטערגעשריבען, דאך געהט נאך אן א מלחמה אין פוילען, אין גאליציען און אויך אין אנדערע פלעצער. מיר האבען קייבעלס פון אונזערע קאמישיאנערס און אויך פון אנדערע קוועלען, וועלכע שטעלען פאר א בילד וואס עס איז אונמעגליך זיך פארצושטעלען. אין קאנסטאנטינאפאל, פון 70 טויזענד אידישע איינוואוינער, באנוצען זיך 30 טויזענד מיט די סופ קיטשענס. אין די סקולס, וועלכע עקזיסטירען, קריגען ניט די קינדער קיין אונטערריכט, נאר זיי קריגען 1 מאל א טאג סופ. אין רומעניען זיינען די צושטענדע אזוינע שוידערליכע, אז עס איז שווער פאר א מענשען זיך פארצושטעלען. אין טשעכא־סלאוואקיע, וועלכע איז איצט דער גרעסטער פלאץ נאך פוילען, וואו אידען וואוינען, איז פון 85 פראצענט פון אידישען פארמעגען פארניכטעט געווארען אין צייט פון די פאגראמען. אין מאנאסטיר איז פון 18 טויזענד איינוואוינער געבליבען לעבען בלויז 2 טויזענד. אין פוילען זיינען די אידישע איינוואוינער אין איין שרעק פאר פאגראמען. זיי שליסען זייערע געשעפטען אום 4 אוהר צוליעב שרעק פאר אן איבערפאל. אין אוקראינא זיינען פון 7 טויזענד אידען 5 טויזענד ערמארדעט געווארען און פיעלע פון די, וואס זיינען געבליבען לעבען און געהאלפען צו באערדיגען די טויטע, זיינען אויך געשאסען געווארען. אין אמסק ווערען די אידען פארפאלגט און זיי אפעלירען פאר שטיצע. אין פינסק איז געהאלטען געווארען א קאנפערענץ צו שאפען אן ארגאניזאציאן, וועלכע זאל העלפען די מלחמה קרבנות, זיינען זיי באפאלען געווארען פון סאלדאטען און זיינען ארעסטירט געווארען און יעדער צווייטער פון זיי איז דערשאסען געווארען.

בלויז באריכטען, וואס מיר קריגען פון אידען וואס וואוינען אונטער דער סאוויעטען־רעגיערונג פון רוסלאנד, דערצעהלען ניט וועגען קיין פאגראמען אדער שלעכטע באהאנדלונג פאר אידען, אבער אין די מעהרסטע לענדער קומט די אידען איצט אויס צו ליידען פון אן ארגאניזירטען ביטערען אנטיסעמיטיזם.

איהר, דעלעגאטען, ווען איהר וועט זיך פאנאנדערפאהרען אין אייערע שטעדט, דארפט איהר דארום זעהן, אז יעדער וואס איז א מעמבער פון אייער ארגאניזאציאן, אדער ניט, מוז טאן זיין פליכט. געלד מוז קומען פון אלעמען און פון אלע ריכטונגען.

א מיליאן דאלאר א וואך ווערט איצט געשיקט אין די מלחמה לענדער, אבער עס איז נויטיג פיעל מעהר. די שטיצע מוז געשאפען ווערען. און איך האף, אז איהר אלע וועט טאן אייער פליכט.

פריינד בענענסאן באריכטעט פאר דער דיסטריביושאן קא־

מיטע אז: פאָלגענדע דעלעגאַטען זיינען איינגעטיילט געוואָרען אין פאָלגענדע קאָמיטעס:

א לינעל קאָמיטע פון 9

1) ישורין, ניו יאָרק.
2) דייווידאָוו, ניו יאָרק.
3) לעוויטאַן, ניו יאָרק.
4) סילווערמאַן, ניו יאָרק.
5) יוראַק, ברוקלין.
6) רישיקאָף, מאָנטרעאַל.
7) זשאַספער, קליוולאַנד.
8) ליבמאַן, ניו הייווען.
9) קראַפּט, אמאהא.

א קאָמיטע אף אָפּעסערס רעפּאָרט פון 7

1) קורהאַן, ניו יאָרק.
2) הערמאַן, ניו יאָרק.
3) קלופּט, ניו יאָרק.
4) סוראַקאָוו, ניו יאָרק.
5) רובינסקי, פּיטסבורג.
6) קאַהן, אָלבאַני.
7) האָפּמאַן, ראַטשעסטער.

א סאַניטאַריום קאָמיטע פון 13

1) שפּינראַד, ניו יאָרק.
2) סילווערבערג, ניו יאָרק.
3) וואַלבערג, ניו יאָרק.
4) עבעריל, ניו יאָרק.
5) נאַלינסקי, ניו יאָרק.
6) האָכמאַן, ניו יאָרק.
7) נינקאָווסקי, ניו יאָרק.
8) שור, שיקאַגאָ.
9) פיינבערג, נואַרק.
10) עדעלמאַן, האַרטפאָרד.
11) מאָסס, נאָרפאָלק.
12) סירענקאַ, סט. לואיס.
13) טאַליסמאַן, פּילאַדעלפּיא.

אַן אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע פון 13

1) ל. דינערשטיין, ניו יאָרק.
2) אַלטמאַן, ניו יאָרק.
3) גודמאַן, ניו יאָרק.
4) פּילאַט, ניו יאָרק.
5) מ. מאַלאַט, ניו יאָרק.
6) גערשאַנאָף, ניו יאָרק.
7) לאַנגער, ברוקלין.
8) נאַכעוויץ, פּילאַדעלפּיא.
9) קראַוויץ, שיקאַגאָ.
10) קראַלינסקי, מילוואָקי.
11) באַסקין, האַרטפאָרד קאָ.
12) בישאָפּ, מינעאַפּאָליס.
13) פּאַדאַלסקי, פּאַקיפּסי.

אַן עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע פון 13

1) זאַלצמאַן, ניו יאָרק.
2) פיינערמאַן, ניו יאָרק.
3) טוירנער, פּעטערסאָן.
4) וויינריב, שיקאַגאָ.
5) מארקעל. ניו הייווען.
6) זאַק, ניו יאָרק.
7) באַטוויניק, ניו יאָרק.
8) נעכאַמקין, ניו יאָרק.
9) עפּשטיין, טאָראָנטאָ.
10) סאַקאַליק, פּילעאַדעלפּי.
11) האַלפּערט, מעין.
12) קיסליוק, וואַשינגטאָן.
13) ראַפּאַלאַ, קענזעס סיטי.

א בענעפיט קאָמיטע פון 15

1) וואַלאָוויץ, ניו יאָרק.
2) קרינסקי, ניו יאָרק.
3) מאַרגאַליס, ניו יאָרק.
4) מאַנדעל, ניו יאָרק.
5) פּערלשטיין, ניו יאָרק.
6) זייעץ, ניו יאָרק.
7) ביילין, ניו יאָרק.
8) סיימאַנס, פלאַרידאַ.
9) סלוצקי, פּילאַדעלפּיא.
10) לעווין, שיקאַגאָ.
11) געצאָוו, נואַרק.
12) קאַרשינסקי, באַלטימאָר.
13) ראָזען, דעטראָיט.
14) העריסאָן, פּעטערסאָן,
15) סיגעל, האַרדפאָרד.

א פאַרוואַלטונגס קאָמיטע פון 15

1) באַק, ניו יאָרק.
2) נודעלמאַן, ניו יאָרק.
3) שפּייער, ניו יאָרק.
4) פרידלאַנד, ניו יאָרק.
5) קאַפּלאָוויץ, ניו יאָרק.
6) ראָזענבלאַט, ניו יאָרק.
7) פּערערמאַן, שיקאַגאָ.
8) גאָלפּערט, שיקאַגאָ.
9) נעלסאָן, נואַרק.
10) קאַוויץ, באַלטימאָר.
11) לעווינסאָן, דעטראָיט.
12) צימערמאַן, סט. לואיס.
13) רודניצקי, טעקסעס.
14) הערשמאַן, פּילאַדעלפּיא.
15) גרינשפּאַן, ברוקלין.

און אַן עלעקשאָן קאָמיטע פון 11

1) גאָלד, ניו יאָרק.
2) קליין, פּילאַדעלפּיא.
3) גאַלאַמבאַ, באָפאַלאָ.
4) קאַטצמאַן, סינסינעטי.
5) קליינמאַן, פּילאַדעלפּיא.
6) וואַרם, וועסטשעסטער.
7) שקלאַר, וואָטערבורי.
8) פּאָרמאַן, אַלענטאָן.
9) קאַטץ, ניו יאָרק.
10) פרידבערג, ניו יאָרק.
11) אורבאַך, נואַ־ק.

א קאָנווענשאָן קאָמיטע פון 15

1) זויינבערג, ניו יאָרק.
2) יאַקאָבי, ניו יאָרק.
3) הייפּערלינג, ניו יאָרק.
4) מ. ס. מאַלאַט, ניו יאָרק.
5) רובינסקי, פּראָווידענס.
6) פרידמאַן, פּילאַדעלפּיא.
7) פּאַרבער, שיקאַגאָ.
8) שטיינבערג, נואַרק.
9) בייער, באַלטימאָר.
10) וויניקאָף, דעטראָיט.
11) ליפּמאַן, פּעטערסאָן.
12) וויניצקי, קליוולאַנד.
13) מאַנסעט, האַרטפאָרד קאָ.
14) טייטעלמאַן, פּילאַדעלפּי
15) גרינשפּאַן, ברידזשפּאָרט.

פריינד דינערשטיין, טשערמאַן פון דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, באַריכטעט פאַר זיין קאָמיטע:

מיר קומט אייך אויס היינט אָפּצוגעבען א באַריכט, וואָס דאַרף אונז אַלעמען צופריערען שטעלען. די אויפגאַבען פון דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע זיינען אויפצוהאַלטען די האַרמאָניע, וואָס עקזיסטירט אין די ברענטשעס, און אויך אָנצופיהרען א טעטיגען אָרגאַניזאַציאָנס קאַמפּיין צו שאַפען נייע מעמבערס פאַר דעם אַרבייטער רינג, און דיעזע אַרבייט האָבען מיר געטאָן מיט ערפאָלג:

מיר האָבען זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט אַלע סיטי און דיסטריקט קאָמיטעען איבער'ן גאַנצען לאַנד און אָוועקגעשטעלט די גאַנצע מאַשינעריע פאַר א נייעם קאַמפּיין ביז 70 טויזענד מעמבערס. אונזער קאַמפּיין האָט זיך אָנגעפאַנגען אין די מאָנאַטען אָקטאָבער, נאָוועמבער. דיעזע ערשטע צוויי מאָנאַטען האָבען מיר פאַרוואַנדעלט אין א ספּעציעלען קאַמפּיין פאַר פרויען־מעמבערס, און אין די מאָנאַטען יאַנואַר און דעצעמבער איז אָנגעפיהרט געוואָרען דער אַלגעמיינער קאַמפּיין. און אין דער זעלבער צייט איז אויך אָנגעפיהרט געוואָרען א קאַמפּיין אריינצונעהמען צוריק די געשטראָכענע מעמבערס.

מיר האָבען אין אָנפאַנג ניט געגלויבט, אז אונזער קאַמפּיין וועט געקרוינט ווערען מיט ערפאָלג. אורזאַכען האָבען מיר געהאַט, ערשטענס, ווייל אין צייט פון דער עפּידעמיע האָט מען קיין קאַמפּיין פאַרזאַמלונגען ניט געקענט אַראַנזשירען. און צווייטענס, — דער דרעפט, וועלכער האָט געהאַלטען אין אָוועקנעהמען די אינגערע קרעפטען, וועלכע זיינען פאַר אונז געוועזען נויטיג. אָבער אין צייט פון אונזער קאַמפּיין האָבען מיר דערזעהן אונזער טעות, און אנשטאַט 10, איז אונזער רוף געוואָרען 15 טויזענד נייע מיטגליעדער ביז דער קאָנווענשאָן.

די צאָהל פון געשטראָכענע מיטגליעדער איז אויך דיעזען יאָהר געווען בלויז אַרום 4 טויזענד, אין פאַרגלייך מיט דער צאָהל פון אַרום 7 טויזענד יעהרליך פריהער. געוויס געהמען מיר זיך ניט דעם גאַנצען קרעדיט פאַר'ן היי־יאָהריגען ערפאָלג. מיר האָבען דעם קאַמפּיין בלויז אָנגעפיהרט, און אַלע אונזערע מיטגליעדער האָבען געהאָלפען און געטאָן דיעזע אַרבייט. אונזער קוואָטא פון 22 פּראָצענט איז פון די מעהרסטע שטעדט אריבערגעשטיגען געוואָרען. צווישען דער גרויסער צאָהל נייע מיטגליעדער איז אונז לעצטען יאָהר אויך צוגעקומען 15 נייע ברענטשעס. אונזערע פריינד איבער'ן לאַנד, וואָס האָבען זיך באַזונדערס אויסגעצייכענט אין זייער הילף אריינצוברענגען נייע מיטגליעדער, זיינען פּרעזענטירט געוואָרען פון אונזער קאָמיטע מיט סעטס ביכער פון אַרבייטער רינג, און ברענטשעס זיינען פּרעזענטירט געוואָרען מיט שאַפּיראָגראַפס, אַלס אויסדרוק פון אַנערקענונג.

די ברענטשעס איבער'ן לאַנד זיינען פון צייט צו צייט באַזוכט געוואָרען, און די רעזולטאַטען זיינען געווען צופריעדענשטעלענדע. מיר האָבען קיין באַצאָהלטע אָרגאַנייזערס ניט אַנגעשטעלט, ערשטענס, ווייל אונזער פאָנד איז צו קליין, און צווייטענס, ווייל עס זיינען ניט געווען קיין פּאַסענדע מענשען.

אונזער קאָמיטע האָט אין לויף פון יאָהר געהאַט צו שליכטען פיעלע סכסוכים אין ברענטשעס. די דעלעגאַטען האָבען שוין געוויס געלעזען אונזער געדרוקטען באַריכט אין מאַי נומער „פריינד“, און דאָרט האָבען זיי געלעזען וועגען אייניגע סכסוכים וועלכע מיר האָבען געהאַט צו שליכטען אין א געוויסען ברענטש פון ניו דזשורזי, אין א ברענטש פון פּענסילוויניאַ, און א גאַנץ ערנסטער סכסוך צווישען אונזערע מיטגליעדער אין פּעטערסאָן.

און ווי עס שיינט, זיינען אַלע סכסוכים געשליכטעט געוואָרען אויף אַזאַ אופן, ווי עס פּאַסט פאַר'ן ארבייטער רינג.

מיט דער רעכט פון אונזער קאָנסטיטוציע, האָבען מיר אויך לעצטען יאָהר צוזאַמענגעשטעלט די אַלע דיסטריקט קאָמיטעטען, וואו עס איז געווען מעגליך. די פאָרם, ווי מיר האָבען די קאָמיטעטען צוזאַמענגעשטעלט, איז געווען דורכאויס אַ צופריעדענשטעלענדע. בלויז אין פילאדעלפיא האָבען זיך איינינגע ברענטשעס ענטזאַגט צו אנערקענען די דאָרטיגע קאָמיטע, ווייל זיי האָבען געוואָלט, אַז די צוזאַמענשטעלונג זאָל זיין צו איין דעלעגאַט פון יעדען ברענטש. מיר האָבען אַזאַ צוזאַמענשטעלונג ניט געקענט אָננעהמען, ווייל פון ערפאַהרונג ווייסען מיר שוין, אַז אַזאַ קאָמיטע וואָלט דאָרט ניט געאַרבייט, ערשטענס, צוליעב איהר צו גרויסער צאָהל פאַרטרעטער, און צווייטענס, ווייל יעדער פון זיי קען צו יעדער צייט צוריקגערופען ווערען פון זיין ברענטש, און אַלע מאָל נייע אונערפאַהרענע אין דער קאָמיטע זאָלען בייטען די פּלעצער. עס איז קיין ספק ניט, אַז אַלע דעלעגאַטען דאָ צוזאַמען מיט אונז גלויבען, אַז אַזאַ האַנדלונג, ווי פון די איינינגע פילאַדעלפיער ברענטשעס, טאָר אויף ווייטער ניט פּאַסירען.

מיר דריקען אויס ביי דיעזער געלעגענהייט אונזער דאַנק צו אַלע קאָמיטעטען, וואָס האָבען לעצטען יאָהר אין אונזער קאַמפּיין געאַרבייט. מיר ווילען דאָ באַזונדערס דערמאָנען די איינינגע פון זיי, וועלכע האָבען זיך לעצטען יאָהר געשטעלט אין דער ערשטער רייהע, און דאָס זיינען די קאָמיטעס פון ניו־יאָרק, פילאַדעלפיא, שיקאַגאָ און אויך באַלטימאָר.

מיר האָבען לעצטען יאָהר אויך געהאַט פּעלע וועגען טרענספּערירען מעמבערס פון איין ברענטש אין אַ צווייטען און פּעלע וואו ברענטשעס האָבען זיך ענטזאַגט צו געבען צו מעמבערס טרענספּערס, אָדער צו מאַכען אַ מעמבער עט לאַרדזש. און דיעזע סכסוכים זיינען פון אונז אויך געשליכטעט געוואָרען.

מיר האָבען זיך לעצטען יאָהר אויך אָפּגעגעבען אין גרינדען טרייד יוניאָן ברענטשעס. דער אָנפאַנג איז געווען געמאַכט מיט דעם מילינערי ברענטש, און ביז היינט זיינען שוין די פאָלגענדע טרייד יוניאָניסטישע א. ר. ברענטשעס אינסטאָלירט געוואָרען: דיימאַנד, וואָירקערס יוניאָן, ניו יאָרק; אמאַלגאַמייטעד קלאָדינג וואָירקערס, ניו יאָרק, און פּיינטערס יוניאָן, קליוולאַנד.

דער אָרגאַניזאַציאָנס פאָנד דיעזען יאָהר איז געווען $6769.86. די סומע קוקט אויס צו זיין אַ גאַנץ באַדייטענדע. אָבער ווען איהר זאָלט נעהמען אין אנבאַטראַכט, אַז קלענערע אָרגאַניזאַציאָנען ספּענדען אין די צעהנדליגע טויזענדע דאָלאַרס, וועט איהר דאַן באַגרייפען, אַז אונזער פאָנד איז גראַדע אונבאַדייטענד. און הגם דיעזען יאָהר פאַרלאַנגען מיר ניט קיין גרעסערען פאָנד, ווילען מיר אָבער ציהען אייער אויפמערקזאַמקייט, אַז נעקסטען יאָהר וועט די אָרג. קאָמיטע פאַרלאַנגען אַ גרויסען פאָנד צו קענען אָנגעהן מיט דער ארבייט וואָס מוז אונטערנומען ווערען.

אונזער דאַנק, פריינדע, האָבען מיר שוין באַקומען דורך אונזער ערפאָלג. מיר גלויבען, אַז אויך איהר האָט שוין דעם זעלבען דאַנק באַקומען און דארום ווילען מיר אייך דאָ בלויז באַדאַנקען פאַר דער געלעגענהייט, וואָס איהר האָט אונז פאַרשאַפט צו טאָן אונזער ארבייט און צו זיין צופריעדען מיט די רעזולטאַטען.

די פריינדע ישורין פון ניו יאָרק און קראַוויץ פון שיקאַגאָ ווערען ערוועהלט, דער ערשטער אַלס טשערמאַן און דער צווייטער אַלס וויים־טשערמאַן פאַר דער נעקסטער זיצונג.

---

## 5טע זיצונג

די 5טע זיצונג פון קאָנווענשאָן ווערט ערעפענט מיטוואָך פריה, האַלב נאָך 9.

פריינד יודיטש לעזט פאָר דעם פּראָטאָקאָל פון דער 3טער זיצונג, וועלכער ווערט גוטגעהייסען.

פריינד מאַלאַט מאַכט אויפמערקזאַם, דאָס פריינד יוראַק, פון דער ניו־יאָרקער דעלעגאַציע, פעהלט אַלץ ביי דער קאָנווענשאָן. ער פאָדערט, אַז מען זאָל טעלעגראַפירען צום נעקסטען קאַנדידאַט וואָס אויפ'ן באַלאָט, אַז ער זאָל קומען אַלס נעזעצליכער דעלעגאַט. דער טשערמאַן, פריינד ישורין, פאַרזיכערט, דאָס מען וועט האַנדלען געזעצליך.

פריינד מאַרגאָליעס באַגריסט די קאָנווענשאָן אין נאָמען פון דער „פרייער ארבייטער שטימע" און אין נאָמען פון דער „קראָפּאָטקין ליטעראַטור געזעלשאַפט.

די „פרייע ארבייטער שטימע" פלעגט צו יעדער קאָנווענשאָן שיקען איהרע באַגריסונגען, אָבער ביז יעצט האָבען זיי ניט פאַרלאַנגט קיין מאַטעריעלע שטיצע. יעצט געפינט זיך אָבער די „פרייע ארבייטער שטימע" אין אַ זעהר שווערען פינאַנציעלען צושטאַנד און ער איז באַאויפטראַגט פון דיזער צייטונג צו אַפּעלירען פאַר שטיצע. וואָס עס אנבאַלאַנגט צו דער „קראָפּאָטקין ליטעראַטור געזעלשאַפט", באַמערקט פריינד מאַרגאָליעס, אַז די ביז־אַהעריגע שטיצע פון 25 דאָלאַר, וועלכע די געזעלשאַפט קריגט יעדעס יאָהר, איז ניט גענוג, באַזונדערס אין אַזאַ צייט פון יקרות אויף פּאַפּיער און אַנדערע דרוק־מאַטעריאַלען. דער ארב. רינג האָט אַ מאָראַלע פליכט צו שטיצען דיזע געזעלשאַפט, ווייל זי איז באַשאַפען געוואָרען און זיך ענטוויקעלט מיט דער מיטווירקונג פון ארב. רינג. די ליטעראַטור געזעלשאַפט האָט יעצט אונטערנימען אַזאַ ריעזיגע אויפגאַבע, ווי די אויסגאַבע פון מאַרקס' „קאַפּיטאַל" אין אידיש, און דארום מוז זי יעצט מעהר געשטיצט ווערען.

די אַפּיעלס פאַר שטיצע ווערען איבערגעגעבען צו דער רעזאָלוציאָנס קאָמיטע.

פריינד באַרנעט לעוויטאַן באַגריסט די קאָנווענשאָן אין נאָמען פון ארבייטער רינג לייסעאום קאָנפערענץ, וועלכע איז געהאַלטען געוואָרען אין ניו יאָרק. ער זאָגט:

יעצט איז געקומען די פּאַסענדסטע צייט אָנצונעהמען פּראַקטישע שריטע, צו באַזאָרגען דעם ארב. רינג מיט אַן אייגענער היים. אין דער צייט, וואָס אַ סך קאָנטרי שטעדט האָבען באַוויזען מיט באַשרענקטע קרעפטען אויפצובויען פּרעכטיגע ארב. רינג לייסעאומס, דאַרפען אַלע ברענטשעס פון לאַנד צוזאַמענגענומען ניט מורא צו האָבען זיך אונטערצונעהמען צו באַשאַפען אַ געמיינשאַפטליכען ארבייטער רינג טעמפּעל, וועלכער זאָל דיענען ניט נאָר אַלס אָפיס פון ארב. רינג, נאָר אויך אַלס קולטורצענטער. שוין באַלד צוויי יאָהר ווי די סיטי און דיסטריקט קאָמיטע האָט דיעזע אידעע פאָרגעלעגט פאַר דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, וועלכע האָט דעם פּלאַן אינדאָרסירט. יעצט האָט אַ קאָנפערענץ פון אַ באַדייטענדער צאָהל ברענטשעס איהם באַאויפטראַגט פאָרצובריינגען דעם פּלאַן אויך פאַר דער קאָנווענשאָן. פריינד לעוויטאַן אַפּעלירט צו דער קאָנווענשאָן זיך אַריינצוטראַכטען אין דער פראַגע, און געבען די צושטימונג צו דיעזען פּלאַן. אַלס פּראַקטישען מיטעל — דענקט פריינד לעוויטאַן — אַז עס זאָל אויסגעקליבען ווערען פון קאָנווענשאָן אַ ספּעציעלע קאָמיטע, מיט אינסטרוקשאָנס אַרויסצושיקען צו אַ רעפערענדום אַ טעקס פון 3 דאָלאַר פער מעמבער אויסצוצאָהלען אין 3 יאָהר. — מיט אַ גרונד־קאַפּיטאַל פון 200,000 דאָלאַר וועט לייכט זיין, לויט דער מיינונג פון פריינד לעוויטאַן, אויסצובויען אַ פּרעכטיגען ארב. רינג טעמפּעל, וועלכער דאַרף אפילו קאָסטען אַ סך מעהר.

עס ווערען דאַן אויפגענומען אינטערפּעלאַציאָנען צו דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע:

פריינד מאַנסעט פון האָדסאָן קאונטי גיט צו, אַז די אָרג. קאָמיטע האָט געטאָן גוטע ארבייט. ער פרעגט אָבער, וואָרום די אָרג. קאָמ. האָט ניט גענוג געאַרבייט צווישען די יוניאָנס, וואו עס זיינען דאָ טויזענדער פּאַסענדע קאַנדידאַטען פאַר'ן ארבייטער רינג.

פריינד סיימאָנס פון פלאָרידאַ פרעגט: וואָרום איז דער געגענד פון סאַוט איסט אין גאַנצען פאַרנאַכלעסיגט געוואָרען פון דער אָרג. קאָמיטע. ער ווייס, אַז אַ סך שטעדטלאַך אין יענעם געגענד, וואו עס זיינען דאָ ברענטשעס פון ארב. רינג, ווערען ניט באַזוכט ניט פון דער אָרג. קאָמ. און ניט פון קיינע סיטי און דיסטריקט קאָמיטעטען.

פריינד דינערשטיין ענטפערט, אַז זיי האָבען געטאָן אַלעס מעגליכעס אָנצופיהרען אַ שטאַרקע פּראָפּאַגאַנדאַ פאַר'ן ארב.

רינג צווישען די יוניאָנס, אָבער די יוניאָנס זיינען אזוי אָרגאַניזירט, אַז אַ איינצעלנע לאָקאַלען קענען אַזעלכע פראַגען ניט אויפנעהמען. די צענטראַלע קערפּערשאַפט פון יעדער גרויסער אידישער יוניאָן איז אין פולע סימפּאַטיע מיט'ן ארב. רינג, אָבער מעהר ווי מיט סימפּאַטיע קענען זיי ניט העלפען. עס וואָלט נויטיג געווען צו גרייכען יעדען יוניאָן מעמבער פערזענליך, אָבער פאָרלויפיג האָבען זיי אַזוי ווייט ניט געקענט געהן. וואָס אַנבאַלאַנגט דער צווייטער פראַגע, וואָס אַ סך שטעדט ווערען ניט באַזוכט, באַדויערט ער, וואָס צוליעב ווייטקייט מוזען אַ סך ברענטשעס פאַרנאַכלעסיגט ווערען. די דיסטריקט קאָמיטעען קענען נאָך שיקען זייערע פאָרשטעהער צו שטעדט, וואו די קאָסטען הין און צוריק זיינען ניט מעהר ווי 3 דאָלאַר, און די נאַציאָנאַלע אָרג. קאָמ. האָט אויך ניט אַלע מאָל די מעגליכקייט צו באַזוכען די ווייטע שטעדט.

דער באַריכט־אָפּגעבער, פריינד דינערשטיין, צוזאַמען מיט דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע ווערען באַדאַנקט פאַר זייער ארבייט.

פריינד טעטרעוויאַטע באַגריסט די קאָנווענשאָן אין נאָמען פון אָרפאַן האָום אין דעטראָיט. ער ציינגט אָן, דאָס אַ סך מעמבערס פון ארב. רינג ווערען געהאָלפען דורך דיעזער אינסטיטושאָן און ער אַפּעלירט צו דער קאָנווענשאַן בייצושטייערן פאַר דעם בית־יתומים, וואָס ווערט יעצט געבויט. דער אַפּיעל ווערט איבערגעגעבען צו דער רעזאָלוציאָנס קאָמיטע.

דער טשערמאַן פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע, פריינד גוסקין, באַריכטעט פאַר דער קאָמיטע ווי פאָלגט:

„ווען די סאַניטאַריום קאָמיטע האָט איבערגענומען די ארבייט לעצטען יאָהר, האָבען זיי געוואוסט פון ערפאַהרונג, די פאַראַנטוואָרטליכקייט וואָס זיי נעהמען אויף זיך. די קאָמיטע־לייט האָבען גאַנץ גוט געוואוסט, אַז האָבענדיג צו טאָן מיט קראַנקע, אויפגערעגטע מענשען, קענען זיי קיין צופיעל דאַנקען פון זיי ניט ערוואַרטען. אָבער זיי האָבען געטאָן זייער הייליגען חוב צום בעסטען פון די פּאַציענטען, און מיט דער הילף פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו און פון דער ברייטער מעמבערשיפּ, גלויבען זיי, אַז זיי האָבען זייער פאַראַנטוואָרטליכקייט גלענצענד דורכגעפיהרט.

די סאַניטאַריום קאָמיטע האָט זעהר אַ שווערע אויפגאַבע פאַר זיך: דער סאַניטאַריום איז אַן אינסטיטושאָן, וואָס איז פאַרבונדען מיט גאָר גרויסע אויסגאַבען.

אין דעם פאַרגאַנגענעם יאָהר האָבען די אויסגאַבען פאַר דער אויפהאַלטונג פון די פּאַציענטען באַטראָפען גענויע $82,754.28. די קאָמיטע האָט געזוכט אַלע וועגען פאַר עקאָנאָמיע אין די אויסגאַבען, אָבער טראָץ אַלע באַמיהונגען מוזען זיי דעם יאָהר פאַרצייכענען אַ דעפיציט פון $6,734.22 אין אויפהאַלטונגס פאָנד, אין וועלכען די איינגאַהמען פאַר דעם יאָהר זיינען געווען בלויז $75,749.40. דער דעפיציט האָט געמוזט געדעקט ווערען פון די געלדער פון סאַניטאַריום בילדינג פאָנד.

די טעגליכע אויסגאַבען פאַר אַ פּאַציענט האָט היינטיגס יאָהר באַטראָפען $3.79, אין פאַרגלייך מיט $3.05 אין 1917. די קאָסטען פאַר יעדע פּערזאָן זיינען געשטיגען אויף 74 סענט. אָבער נעהמענדיג אין באַטראַכט, אַז לעבענסמיטעל זיינען אין משך פון אַ יאָהר געשטיגען אויף גענויע 37 פּראָצענט, און הגם דער פאַקט, אַז היי־יאָהר איז דער דורכשניט פון פּאַציענטען טעגליך געווען מיט 5 ווייניגער, קען מען דאָך זאָגען, אַז מיר האָבען אַ טיילווייזע עקאָנאָמיע יאָ ערדייכט לעצטען יאָהר.

די סאַניטאַריום קאָמיטע האָט זיך געשטעלט אַלס אויפגאַבע צו אונטערזוכען אַנדערע סאַניטאַריומס. מיר האָבען אַזעלכע באַזוכט מיט דעם צוועק אויסצוגעפינען דעם אונטערשיעד אין די קאָסטען פאַר דער אויסהאַלטונג פון פּאַציענט. אָבער קיין פאַרגלייך קען ניט געמאַכט ווערען. הויפּטזעכליך דערפאַר, ווייל די אַנדערע סאַניטאַריומס זיינען טשאַריטי אינסטיטושאָנס. די פּאַציענטען דאָרט האָבען ניט די אַלע פּריווייטען און באַקוועמליכקייטען. אין אַ געוויסער אינסטיטושאָן, וועלכע מיר האָבען באַזוכט, האָבען מיר טאַקי אויסגעפונען, אַז די קאָסטען זיינען באַדייטענד קלענערע. אָבער אין יענער אינסטיטושאָן ווערט אַ גרויסע טייל ארבייט געטאָן דורך פּאַציענטען און ניט דורכאויס דורך באַצאָהלטע אָנגעשטעלטע, ווי ביי אונז אין סאַניטאַריום. די פּאָרציעס פון עסען, וואָס עס ווערען דאָרט פאַנאַנדערגעטיילט צו די פּאַציענטען, קענען צו אונזערע ניט פאַרגליכען ווערען. און אין דיעזען פּרט קענען מיר זיך מיט זייערע איינפיהרונגען ניט באַנוצען. אונזערע פּאַציענטען פיהלען זיך אין סאַניטאַריום ווי אין אַן אייגענער היים, און דערצו איז אונזער סאַניטאַריום אַן אינסטיטושאָן פון אַן ארבייטער־אָרגאַניזאַציאָן. ביי אונז מוז ארבייט אין פול באַצאָהלט ווערען. גאַנץ אָפט מוזען מיר אפילו מיסברויכונגען פון אָנגעשטעלטע פאַרשווייגען, כדי אָפּצוהיטען דעם כבוד פון אונזער אָרגאַניזאַציאָן.

אַלס ביישפּיעל וועגען אונזערע קאָסטען פאַר אָנגעשטעלטע איז ווערטה צו באַמערקען בלויז די העכערונג אין שכירות, וואָס מיר האָבען לעצטענס געצאָהלט פער מאָנאַט בלויז צו איינינגע אָנגעשטעלטע:

| | |
|---|---|
| דאָקטאָר (העכערונג פּער מאָנאַט) | $58.00 |
| נוירס | 35.00 |
| אָרדערלי | 15.00 |
| מייטראָן | 40.00 |
| אינזשעניר | 40.00 |
| בוק־קיפּער | 35.00 |

אין שייכות צו אונזער לעצטען יאָהריגען דעפיציט איז אויך ווערטה צו באַמערקען פאָלגענדעס:

צווישען די פּאַציענטען פון אונזער סאַניטאַריום זיינען לעצטען יאָהר געווען 37 פרויען פון מיטגליעדער. די וועכענטליכע צאָהלונגען פון אַזעלכע פּאַציענטען זיינען געווען 15 דאָלאַר פון יעדע, וועהרענד די דורכשניטליכע קאָסטען פער וואָך פאַר אַ פּאַציענט זיינען געווען $26.53, ד. ה. אַז צו יעדע פון זיי האָט דער ארבייטער רינג צוגעטראָגען וועכענטליך $9.53. מיר נעהמען אַזעלכע אריין פאַר די אָנגעגעבענע אָפּצאָהלונגען אויך דערפאַר, ווייל מיר זיינען אַן ארבייטער־אָרגאַניזאַציאָן און מיר פיהלען ווי שווער עס איז פאַר אַן ארבייטער אויפצוהאַלטען אַ קראַנקע פרוי. מיר גלויבען, אַז עס איז איבעריג פאַר אונז דערצעהלען, אַז די פרויען פּאַציענטען זיינען אין אונזער סאַניטאַריום באַהאַנדעלט געוואָרען מיט דער זעלבער אויפמערקזאַמקייט ווי אַלע אונזערע מיטגליעדער פּאַציענטען, ניט אַכטענדיג וואָס זיי זעלבסט זיינען ניט קיין מיטגליעדער, און זייערע צאָהלונגען זיינען באַדייטענד קלענער פון די קאָסטען.

צוליעב דעם יקרות אויף בוי־מאַטעריאַלען און הויכען ארבייטס־לוין האָבען מיר קיינע נייע בילדינג פאַר דעם יאָהר ניט אונטערנומען. עס זיינען בלויז געמאַכט געוואָרען איינינגע „אימפּרואוומענטס", וואָס זיינען געווען נויטיג: די קיך איז פאַרגרעסערט געוואָרען, און דאָס איז געמאַכט געוואָרען אַזוי, אַז צוליעב סאַניטאַרע באַדינגונגען זאָל די קיך זיין ווייט פון דעם עס־צימער. עס איז אויך פאַרבעסערט געוואָרען די סיסטעם פון באַזייטיגען גאַרביידזש פון קיך, כדי קיין אונאַנגענעהמער גערוך זאָל ניט שטערען די פּאַציענטען, ווען זיי זיצען ביים עסען. עס איז אויך איינגעפיקסט געוואָרען אַ רעקריאַיישאָן רום פאַר די אָנגעשטעלטע און געפיקסט די לייברערי. עס איז איינגעריכטעט געוואָרען אַ סטאָר־רום. עס איז אויך געמאַכט געוואָרען אַ שעהנער „טויער" ביים אַריינפאָהר אין סאַניטאַריום און אַ סך בוימער זיינען פאַרפלאַנצט געוואָרען. די אַלע אויסבעסערונגען האָבען געקאָסט $9,169.13, און צוזאַמען מיט דעם באַלאַנס פון לעצטען יאָהר איז געווען אַ סורפּלוס אין בילדונגס פאָנד פון $14,860.20, פון וועלכען $6,734.22 איז אַוועקגעגעבען געוואָרען צו דעם אויפהאַלטונגס פאָנד און $8,125.98 איז געבליבען אַלס באַלאַנס פאַר'ן נעקסטען יאָהר.

וועגען די סטאָר־רום, באַמערקט פריינד גוסקין, אַז דאָס איז איינע פון די וויכטיגסטע רעפאָרמען, וועלכע זיינען אירגענד ווען אונטערנומען געוואָרען אין סאַניטאַריום. מען קען ניט לאָזען אונזער אייגענטום אויף הפקר. מיר מוזען האָבען אַ גענויע קאָנטראָל איבער אַלע אונזערע סופּלייעס. עס ווערט אויסגעאַרבייט אַ סיסטעם, וואו יעדע קליינינקייט פון סאַניטאַריום זאָל האָבען אַ קאָנטראָל און אַ רעקאָרד. דערווייל איז שוין אַ

גוטער אנפאנג געמאכט געווארען און עס ווערען אויסגעארב'ייט אלע איינצעלהייטען.

פריינד גוסקין באריכטעט ווייטער, דאס טראץ דעם, וואס די אינפלוענציע איז געווען פאר די פאציענטען מעהר געפעהרליך ווי פאר געזונדע מענשען, זיינען אבער — א דאנק דעם דר. ראזענבערג — אנגענומען געווארען אזעלכע מיטלען, אז די קראנקהייט האט פון אונז קיינע קרבנות ניט גערויבט.

דער יעהרליכער סאניטאריום יום־טוב איז היינטיגס יאהר באנוצט געווארען אום צו שאפען א פאנד פאר די אומגליקליכע מלחמה קרבנות אויף יענער זייט ים. די ברענטשעס האבען זיך זעהר ווארים אפגערופען און באדייטענדע סומען זיינען געשאפען געווארען.

היינטיגס יאהר האבען מיר זיך אויך געקענט פארגינען צו שטיצען אן עהנליכע אינסטיטושאן: דאס איז געווען דער לאס אנדזשעלעס סאניטאריום. מיר האבען ערלויבט, אז אונזערע גראונדס זאלען באנוצט ווערען פאר אן אונטערנעהמונג פאר דעם בענעפיט פון יענעם סאניטאריום, וועלכע האט צוזאמענגעבראכט מעהר ווי 4000 מענשען. לויט דער אראנזשירונג פון דער אונטערנעהמונג האט זיך אפילו ארויסגעוויזען, אז די אראנדזשמענט קאמיטע איז באגאנגען איניגע פעהלערען. אבער אין אלגעמיין איז די עקז. פון ארב. רינג זעהר גליקליך, וואס דורך אונזער הילף איז געשאפען געווארען שטיצע פאר אזא אינסטיטושאן.

אויסער דיעזער אונטערנעהמונג זיינען אויך געמאכט געווארען פארוויילונגען פאר אונזערע פאציענטען מיט ניו־יארקער קרעפטע.

פריינד גוסקין שטעלט זיך אפ אין זיין באריכט וועגען דער פארם און טשיקען־רענטש, פון וועלכער דער סאניטאריום קריגט פאולטרי און פרישע אייער. דער טשיקען־פארם האט א באדייטענדען סוירפלוס היינטיגס יאהר, אבער אויסער דעם פראפיט, איז דער רענטש שוין מיט דעם וויכטיג, וואס מען קריגט אלעס פריש, און די פאציענטען ווייסען, אז אלעס ווערט גענומען פון זייער אייגענער פארם.

וועגען דר. ראזענבערג — באריכטעט פריינד גוסקין — ...ז הגם ער איז אן עלטערער מענש, אבער אלס וויסענשאפטסמאן און דאקטאר איז ער זעהר צופריעדענשטעלענד. ער איז אן ערעלער פערזאן און אן איבערגעבענער מענש.

וועגען דער מעדיקאל אדווייזערי באארד, דריקט פריינד גוסקין אויס דעם העכסטען דאנק צו דר. מ. האלפערין, וועלכער איז מיט לייב און לעבען איבערגעבען צום סאניטאריום. ער איז אזוי איבערגעבען, אז־עס שיינט דאס אהן איהם וואלט דער סאניטאריום ניט געווען אזוי ערפאלגרייך. צוליעב שוואכקייט האט ער שוין געהאט אריינגעשיקט זיין רעזיגניישאן, אבער די קאמ. האט איהם געבעטען און געווירקט, און ער האט זיין רעזיגניישאן צוריקגעצויגען פאר די נוצען פון סאניטאריום.

פריינד גוסקין באריכטעט ווייטער וועגען פיעלע אויסבעסערונגען אין לאונדרי, וועגען עקסרעי מאשין עלעקטריק לייטס און די „סוארד“ סיסטעם, וועלכע איז איינגעריכטעט געווארען פון פר. דריישפיעל און איז נאך ביז יעצט אונטער זיין אויפזיכט אונענטגעלטליך.

פריינד גוסקין שטעלט זיך אפ אין זיין באריכט וועגען איניגע אונאנגענעהמע סכסוכים, וועלכע זיינען אין פארגאנגענעם יאהר פארגעקומען אין סאניטאריום און ער באמערקט דערביי:

אונזער קאמיטע וואלט זיך זיכער געפיהלט העכסט צופריעדען, ווען די הארמאנישע באציהונגען צווישען די פארוואלטער, אנגעשטעלטע און פאציענטען פון סאניטאריום זאלען קיינמאל ניט געשטערט ווערען. די הארמאניע אין אונזער סאניטאריום איז נויטיג, סיי צוליעב דעם כבוד פון ארבייטער רינג און סיי פאר דעם געזונד פון אונזערע פאציענטען. אונזער קאמיטע האט מיט אלע מעגליכקייטען שטענדיג געזוכט צו פארמיידען די קלענסטע אונצופריעדענהייטען צווישען די אנגעשטעלטע און הויפטזעכליך צווישען די פאציענטען, אבער עס שיינט, אז אין אזא אינסטיטושאן ווי אונזערע איז אזוינס פארלויפיג שווער צו ערווארטען, סיידען ניט נאר די סאניטאריום קאמיטע, נאר אלע ברענטשעס אין לאנד וועלען זיך נעהמען צו העלפען שאפען די באדינגונגען, וואס זיינען נויטיג פאר אונזער סאניטאריום.

אונזער סאניטאריום איז א קאאפעראטיווע און דעמאקראטישע אינסטיטושאן. ניט נאר אונזערע אנגעשטעלטע, נאר הויפטזעכליך מאנכע פון אונזערע פאציענטען, וואס קומען אהין — ווייל זיי פיהלען זיך דארטען ווי אין זייער אייגענע היים — פארגעסען אפט, אז זיי זיינען פאציענטען און ניט קיין פארוואלטער. און דערצו, — א דאנק די נאטירליכע געפיהלען פון קראנקע מענשען, — ווערען אמאל ארויסגערופען פון זיי אזעלכע האנדלונגען, צו וועלכע די פארוואלטענדע קאמיטע איז געצוואונגען צו נעהמען שטרענגערע שטעלונגען.

שטעלט זיך פאר אזעלכע האנדלונגען:

א פאציענט פון דעטראיט דארף פארלאזען דעם סאניטאריום, און דער סאניטאריום איז פאר איהם מעהר ניט נויטיג, האט ער אבער קיין חשק ניט און ענטזאגט זיך דאס צו טאן. עס איז געגאנגען אזוי ווייט, אז מיר האבען פאר איהם באוויליגט נאך איין מאנאט צו זיין אין סאניטאריום. ז ער מאנאט איז פאראיבער און ער וויל אלץ דעם סאניטאריום ניט פארלאזען. מיר האבען טעלעגראפירט צו זיין ברענטש. די טעלעגראמע איז, ווי עס שיינט, פארלארען געגאנגען. איינער פון דעם פאציענט'ס תירוצים איז, אז ער האט ניט אויף קיין הוצאות. מיר האבען אויך די געלד אויף הוצאות באוויליגט מיט דער פארשטענדניש, אז מיר וועלען דאס פון ברענטש צוריק באקומען, און עס העלפט אלץ ניט, ביז מיט דער צושטימונג פון דער גאנצער עקזעקוטיווע, זיינען מיר געווען געצוואונגען — דורך פיעל מיה און אנשטרענגונג — איהם ארויסצושיקען.

א צווייטער פאל:

א פאציענט פון פעטערסאן, זייענדיג בלויז א פאר וואכען אין סאניטאריום, נאכדעם ווי ער האט געפרעגט ביים דאקטאר, אויב ער מעג פאהרען אהיים אויף א קורצער צייט, און דער דאקטאר האט איהם קיין ערלויבניש ניט געגעבען, פאהרט ער דאך פלוצלינג אוועק פון סאניטאריום. לויט דעם באשלוס פון דער לעצטער קאנווענשאן, ווי עס איז באוואוסט, דארף אזעלכער אויסגעשלאסען ווערען פון סאניטאריום. מיר האבען איהם געשיקט א בריעף און געמאלדען, אז ער איז אויסגעשלאסען. דער פאציענט איז אבער דאך געקומען אין מיטען נאכט, אריין אין די לענ־טוס און געלעגט זיך שלאפען, ניט אכטענדיג אויף קיינע רולס און ארדנונג. נאכדעם ווי אונזער קאמיטע האט וועגען דעם געקראגען צו וויסען, האבען מיר טעלעגראפירט צום דאקטאר, אז דער פאציענט מוז פארלאזען די „גראונדס“. נאך שווערער מיהע איז דעם דאקטאר געלונגען צו ווירקען אויפ'ן פאציענט, אז ער זאל דאס טאן, און אויב ער וויל, זאל ער אפעלירען צו דער סאניטאריום קאמיטע.

דער פאציענט איז אוועק אין א דערבייאיגער פארם־הויז, און אין א פאר טעג ארום, ווען אונזערער א פארטרעטער איז געקומען אין סאניטאריום, איז דער זעלבער, אהן וועלכער עס איז ערלויבניש, גלייך געקומען אי זסאניטאריום מיטאג־צייט, אריין אין דיינינג־רום און פארנומען א סיט, ניט פרעגענדיג ביי קיינעם, און וויכטיג איז דאס, אז צווישען אונזערע פאציענטען אין דיינינג־רום זיינען געווען אזעלכע, וואס האבען אנדערש ניט פארשטאנען, ווי נאר אז דער פאציענט האט מיט זיין „בראווקייט“ פארדיענט אן אוואציע, און ער האט דאס טאקי באקומען...

צוליעב דעם אפיעל פון זיין ברענטש האבען מיר דעם זעלבען נאך אלעמען דאך צוריק־אריינגענומען מיט דער צושטימונג פון אונזער עקזעקוטיווע.

אבער דיעזע פעלע וועלען נאך אפשר פאר אייך ניט געבען דעם קלארען נויטיגען באגריף, ווי דער פאלגענדער פאל, וואס האט ערשט לעצטענס פאסירט אין אונזער סאניטאריום:

דער סטאר־רום, וואס איז איינגעריכטעט געווארען, — דאס, ווי עס שיינט, שמעקט ניט פאר פיעלע פון אונזערע אנגעשטעלטע. די מייטראן — אויספאלגענדיג די באשליסע פון אונזער קאמיטע — האט אנגענומען די מיטלען, אז יעדע זאך, וואס באלאנגט צום סאניטאריום, זאל זיין אונטער קאנטראל. די אנגעשטעלטע, וועלכע זיינען מיט דעם ניט געווען צופריערען.

האבען אנגעהויבען זוכען מיטלען, אז די מייטראן זאל פארלאזען דעם פלאץ. מען האט איהר אוועקגעשטעלט אין א לאגע פון „קריעגס־צושטאנד“, און איינמאל נאך א סכסוך צווישען זיי, ווען פריינד פערלאוויץ, א מיטגליעד פון אונזער קאמיטע, איז גראדע געווען אין סאניטאריום, זיינען זיי צוגעקומען צו איהם מיט אן אויפפאדערונג גלייך אוועקצושיקען די מייטראן, אויב ניט, וועלען זיי אלע ארויס אין סטרייק. פריינד פערלאוויץ האט זיי געענטפערט, אז אויב זיי ווילען מיר זאלען די מייטראן אוועקשיקען, דארפען זיי אנגעבען אורזאכען, און אויב זייערע טענות נעגען איהר זיינען גערעכטע, וועלען מיר זייער פארלאנג געוויס אויספיהרען. אויף דעם האבען זיי אבער גע'טענה'ט: ניין, נאר „פריהער שיקט איהר אוועק און נאכדעם וועלען מיר אייך אנגעבען די אורזאכען“. פארשטענדליך, אז פריינד פערלאוויץ האט זייער פארלאנג, ווי זיי האבען געוואלט, און דערצו גלייך אויפ'ן שטעל, ניט געקענט ערפילען. איז מען גלייך אוועק צו די פאציענטען און אנגעהויבען פיהרען אן אגיטאציע פאר א הונגער סטרייק. און באזונדערס טעטיג אלס דער אגיטאטאר צווישען די פאציענטען האט זיך ארויסגעצייגט דער אסיסטענט דאקטאר, וועמענס אויפגאבען עס זיינען אויפצופאסען אויפ'ן געזונד פון די פאציענטען, און ווען פריינד פערלאוויץ האט געוואלט אויף איהם ווירקען, אז ער זאל ניט אגיטירען צווישען די פאציענטען צום הונגערען, און אז זיי זאלען אפווארטען מיט זייער פאדערונג ביז א מיטינג פון סאניטאריום קאמיטע, האט דער זעלבער דאקטאר איהם געענטפערט, אז ער רעדט ווי א קאפיטאליסט. איך בין פון פר. פערלאוויץ דורכ'ן טעלעפאן גלייך ארויסגערופען געווארען אין סאניטאריום. מיר האבען צוזאמען אנגעווענדעט אונזער גאנצע מיהע, ביז אונז איז געלונגען אויף זיי צו ווירקען, אז זיי זאלען אפווארטען מיט זייער סטרייק ביז נאך דער האנדלונג פון אונזער קאמיטע צוזאמען מיט דער עקזעקוטיווע.

אין אווענד פון זעלבען טאג האבען זיי כמעט אונערווארטעט פאר אונז נאר חרטה געקראגען און זייער פאדערונג אינגאנצען צוריקגעצויגען. אינטערעסאנט דערביי איז דאס: אז מיר האבען ערשט נאכדעם ביי זיי געבעטען די אורזאכען פון זייערע טענות נעגען דער מייטראן, כדי מיר זאלען די מיספארשטענדניסע אפשר אויסגלייכען, האבען זיי געענטפערט, אז זיי האבען נאר קיינע „קריוודעס“. און נאך מעהר אינטערעסאנט איז געווען אויך דאס, וואס דעם זעלבען אווענד — ווען אפילו אלע טענות זיינען שוין צוריקגעצויגען געווארען — האט דער זעלבער דאקטאר אין א געשפרעך מיט פריינד פערלאוויץ, שוין נאר אין א פריינדליכען טאן, פארגעלייגט אוועקצושיקען די מייטראן און בעסער אנשטעלען זיינע א באקאנטע פרוי, וועלכע איז, לויט זיין מיינונג, זעהר א פעהיגע און ארענטליכע, און ווען ער איז געווען אין ניו יארק, האט זי צו איהם אויסגעמאכט אן אפליקיישאן פאר דער שטעלע.

ביים נאהענטסטען מיטינג פון אונזער קאמיטע איז פארהאנדעלט געווארען די האנדלונג פון דעם דערמאנטען דאקטאר און זיין אגיטאציע צווישען די פאציענטען פאר א הונגערסטרייק. עס איז ביי קיינעם פון אונז קיין ספק ניט געווען, אז אזעלכען קען מען אויף לענגער ניט פארטרויען די אויפפאסונג אויף די פאציענטען. דער פארטרעטער פון אונזער סאניטאריום מעדיקאל באארד האט אויף זיך גענומען, צו ווירקען אויף דעם דאקטאר, אז ער זאל רעזיגנירען. די מעדיקאל באארד האט איהם ארויסגערופען קיין ניו יארק, און נאך א געשפרעך מיט איהם, האט ער גלייך אריינגעשיקט זיין רעזיגנאציאן.

אזוי שנעל ווי ער איז צוריקגעקומען אין סאניטאריום, האט ער אבער חרטה געקראגען, און האט פארלאנגט צוריק זיין רעזיגנאציאן. אתזער קאמיטע האט איהם אבער ערקלערט, אז זיין רעזיגנאציע איז אנגענומען און אין דער צייט, ווי אין דער געשריבענער רעזיגנאציע איז אנגעגעבען, דארף ער פארלאזען די גראונדס פון סאניטאריום. דאס האט אויפגעהויבען א נייעם שטורם. דער דאקטאר, וועלכער האט שטענדיג געהאט אן איינפלוס אויף די אנגעשטעלטע, האט אויפגעהויבען א נייע באוועגונג פאר א סטרייק אין פאל די רעזיגנאציאן פון דאקטאר וועט פון דער סאניטאריום קאמיטע ניט צוריקגעוויזען ווערען.

זונטאג איז געווען דער מאנאטליכער מיטינג פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיווע, און צו דיעזען מיטינג האט זיך געוויזען א קאמיטע, באשטעהענד פון זעלבען דאקטאר, דער אינזשיניער און דער בוק־קיפער, וועלכע האבען שבת בייטאג פארלאזען דעם סאניטאריום פאר דעם צוועק. מיר האבען באשלאסען די קאמיטע אויפצונעהמען און אויסהערען. מיט דער אויסנאהמע פון דעם דאקטאר, וועלכען מיר האבען זיך ענטזאגט אויסצוהערען, ווייל מיר האבען איהם מעהר ניט געקענט באטראכטען אלס אונזערען אן אנגעשטעלטען. די קאמיטע האט מיט די חעכסטע סטראשונקעס פארלאזען אונזער זיצונג און קיין טענות ניט פארגעלייגט.

אונזער עקזעקוטיווע האט דאן ערנסט באטראכט דיעזע אנגעלעגענהייט. מיר האבען פאר זיך דערזעהן א לאגע, אין וועלכער מיר ווערען געצוואונגען איבערצוגעבען יעדע דעה פון פארוואלטונג צו איינינע אנגעשטעלטע צוזאמען מיט איינינע פאציענטען. מיר זיינען אבער אלע געקומען צו דעם פעסטען באשלוס: אזוינס ניט צו דערלאזען. אט טאקי ווייל מיר זיינען א דעמאקראטישע ארגאניזאציאן, און ווייל אונזער סאניטאריום, ווי אלע אונזערע געשעפטען, דארפען פארוואלטעט ווערען אויף א דעמאקראטישען אופן, און טאקי ווייל דאס געזונד פון אונזערע פאציענטען מוז אפגעהיט ווערען, האבען מיר געפיהלט אין יענעם מאמענט די גרויסע פאראנטווארטליכקייט, וואס איז פון אונזער מיטגליעדערשאפט אויף אונז ארויפגעלעגט געווארען. מיר האבען געפיהלט, אז מיר קענען ניט לאזען דעם סאניטאריום אין א צושטאנד פון פארוואלטונג לויט דעם ווילען און געשמאק פון איינעם פון די אנגעשטעלטע היינט, אדער פון א פאציענט מארגען. מיר האבען געפיהלט, אז מיר טארען אויף ווייטער ניט לאזען קיין פאציענטען אונטער דער אויפזיכט פון אזא דאקטאר, וועלכער קען זיי רופען צו הונגער־סטרייקס. מיר האבען פארשטאנען, אז א דאקטאר, וועלכער פארלאזט דעם סאניטאריום אהן א נאטיס און אהן ערלויבניש, לאזט דורך דעם די פאציענטען אויף הפקר. דאס זעלבע, אויב דאס ווערט געטאן פון אינזשעניר, מיינט עס לאזען די פאציענטען אהן ווארעמקייט און אהן ווארעמע וואסער. אנדערש איז פאר אונז געווען שווער אויסצוטייטשען די ארבייט פון דער דערמאנטער קאמיטע, וועלכע האט אהן אירגענד וועלכען נאטיס צום אויפזעהער פארלאזען דעם סאניטאריום און געפאהרען צו דער עקזעקוטיוו זיצונג. מיר האבען געפיהלט, אז אזעלכע טאר מען ניט לאזען לענגער אין סאניטאריום, און די עקזעקוטיווע האט דאן ערוועהלט א ספעציעלע קאמיטע פון די פריינדע דייווידאוו און וואלאס, וועלכע זאלען פאהרען אין סאניטאריום און צוזאמען מיט אונזער קאמיטע זאלען זיי האנדלען אין דעם גייסט, וואס עס האט געהערשט ביי אונזער דאמאלדיגער זיצונג.

ווען מיר זיינען געקומען אין סאניטאריום, האבען מיר גערופען די אנגעשטעלטע, און מיר האבען דאך געזוכט מיטלען פאר א פארשטענדניש, אז קיין סטרייק זאל ניט פארקומען. אבער דאס האט זיך ניט איינגעגעבען צו פארמיידען, איינפאך דערפאר, ווייל קיינע אנדערע פאדערונגען, אויסער די איינציגע, אז דער דאקטאר זאל בלייבען, האט מען פאר אונז ניט ארויסגעשטעלט. און דיעזע פאדערונג האבען מיר זיך ענטזאגט אנצונעהמען, און זייער סטרייק איז ערקלערט געווארען.

מיר האבען פאר זיי פארגעלייגט, אז אלע זאלען געהן צוריק צו דער ארבייט ביז די גאנצע אנגעלעגענהייט וועט פארגעבראכט ווערען ביי דער קאנווענשאן, און זיי האבען אויך דאס ניט אנגענומען.

די דעלעגאטען ביי דיעזער קאנווענשאן קענען באגרייפען ווי מיר האבען זיך געפיהלט אין יענעם מאמענט. וואלט דאס אבער געווען א סטרייק פאר העכערע שכירות, פאר קלענערע שטונדען, אדער חלילה פאר בעסערער באהאנדלונג, וואלטען מיר אפילו אין אנפאנג צו אזא מאמענט ניט דערלאזען, אבער די פאדערונג אנצושטעלען צוריק דעם דאקטאר אין סאניטאריום האבען מיר אנדערש ווי א „האלד־אפ“ אויף אונזער אינסטיטושאן ניט געקענט באטראכטען, און מיר זיינען געווען גרייט נאך צוויי טעג פון סטרייק דעם סאניטאריום בעסער אינגאנצען צוצומאכען

ביז דער קאָנווענשאָן, איידער איבערגעבען אונזער פאראנטוואָרטליכקייט צו וועמען עס איז פון די אָנגעשטעלטע.

דער שלום פון דעם איז געווען, אז נאָך די פּאָר טעג פון זייער סטרייק זיינען די מעהרסטע פון זיי געקומען צוריק צו דער ארבייט.

אין די טעג פון סטרייק האָט אונזער קאָמיטע צוזאמען מיט דער קאָמיטע פון דער עקזעקוטיווע געהאט באַשלאָסען, אז ניט אכטענדיג אויף דעם, וואָס דער ארויסטריט פון די אָנגעשטעלטע האָט קיין מאָראלישען כאראקטער פון קיין סטרייק ניט געטראָגען, זאָלען מיר דאָך קיין נייע אָנגעשטעלטע ניט אריינגעהמען. און אין די פּאָר טעג, וואָס דער סטרייק איז אָנגעהאלטען געוואָרען, איז די נויטיגע ארבייט אין סאניטאריום געטאָן געוואָרען פון איינינע מיטגליעדער פון דער עקזעקוטיוו קאָמיטע מיט דער הילף פון איינינע פאציענטען. און ביי דיעזער געלעגענהייט וויל איך דאָ אויסדריקען דעם העכסטען דאנק פון אונזער קאָמיטע צו די פריינדע פון דער עקזעקוטיווע, דייווידאָוו, וואָלאָס, וואלאוויץ, שפּינראד, שפּייער און אלע אנדערע, וואָס האָבען אין יענעם מאָמענט צוזאמען מיט אונז געארבייט און געהאָלפען ברענגען דעם סכסוך צו אַן ענדע.

אָט אונטער אזעלכע באדינגונגען קומט אונז אָפּט אויס צו פּארוואלטען אונזער אינסטיטושאָן. ניט שטענדיג איז ביי אונז מעגליך צו פארמיידען אונאנגענעהמע סכסוכים. די הויפּט אורזאַך איז דאָס, וואָס ניט אלע פון אונזערע מיטגליעדער, וואָס קומען אין סאניטאריום, באגרייפען די פאָדערונגען פון דעמאָקראטישער פארוואלטונג און פון מעדיצינישע אינסטיטושאָנס. אונזערע דעלעגאטען דארפען דאָס נעהמען אין אכט. עס איז נויטיג פאר אונזערע ברענטשעס אין די מעהרסטע פעלע, ווען א מיטגליעד פאָהרט אָפּ אלס פּאציענט אין סאניטאריום, קלאָר צו מאכען פאר איהם דעם כאראקטער פון דער אינסטיטושאן און פארוואלטונג. בלויז מיט דער הילף פון אלע אונזערע דעלעגאטען און ברענטשעס וועט זיין מעגליך אויף ווייטער צו פארוואלטען אונזער סאניטאריום אין דעם גייסט און הארמאָניע ווי מיר אלע ווינשען.

פריינד גוסקין ענדיגט זיין באריכט מיט א דאנק צו די דעלעגאטען פאר דער עהרע און צוטרויען, וואָס איז צו איהם און די אנדערע פון דער קאָמיטע, צוגעטיילט געוואָרען, אין פארוואלטען איינע פון די שעהנסטע אינסטיטושאנס, וואָס די ארבייטער־באוועגונג פארמאָגט.

עס ווערען געשטעלט פאָלגענדע אינטערפּעלאציאָנען צו דער קאָמיטע:

קאָהען, אָלבאני: 1) האָט די קאָמיטע וועלכע עס איז רעקאָמענדיישאָנס, ווי אזוי דיסציפּלין צווישען די פּאציענטען זאָל איינגעפיהרט ווערען? 2) האָט די קאָמיטע באטראכט די פראגע וועגען אַן אסעמבלי רום, וועלכע איז נויטיג, לויט דר. האלפּערין׳ס באריכט?

סיימאָן, לאָ סאנדזשעלעס: אין וואָס זיינען באשטאנען די פעהלערען פון דער אראנדזשמענט קאָמיטע פון דער אונטערנעהמונג פאר דעם לאָס אנדזשעלעס סאניטאריום?

שור, שיקאגאָ: פרעגט דאָס זעלבע וואָס קאָהען פון אָלבאני אין זיין ערשטער פראגע.

פאָרמאָן, אלענטאון: איז מעגליך אויסצוגעפינען מעהר איינצעלהייטען וועגען סטרייק אין סאניטאריום, אויסער דעם באריכט פון דער סאניטאריום קאָמיטע?

סיימאָן, פלארידא: ווארום האָט די קאָמיטע עטזאגט צו שיקען די „סלייטס“ פון סאניטאריום פאר אונזערער אָן אונטערנעהמונג, און ווארום ניט אין צייט געמאָלדען, אז זיי קענען דאָס ניט שיקען?

ראָזען, דעטראָיט: ווארום האָט די קאָמיטע באשולדיגט זייער ברענטש פאר גאָר ניט שרייבען; וועגען זייער פּאציענט, וואָס האָט ניט געוואָלט פארלאָזען דעם סאניטאריום? דער בר. האָט צום באטרעפענדען יאָ געשריבען, און זיי האָבען איהם דערמאָנט, אז ער האָט פריינד אין ניו יאָרק, וואָס קענען איהם דערווייל ארויסהעלפען?

בישאָפּ, מינעאפּאלים: צי נוצען ניט די פּאציענטען קיין ווארימע קליידער אויף ווינטער און ווארום באזאָרגט מען זיי ניט מיט אזעלכע?

מאָהאט, ניו יאָרק: מיר האָבען געהערט, אז דער פּעטערסאָנער פּאציענט האָט פארשפרייט פארשיעדענע בלבולים אויף דער קאָמיטע, ווארום נעהמט מען ניט קיין שריטע געגען די בלעקמייל פון אזעלכע פּאציענטען?

טוירנער, פּעטערסאָן: ווארום האָט מען ביי א מעמבער געפאָדערט אַן עקזאמינעישאן נאָך דעם ווי ער האָט שוין אזעלכען געהאט?

סילווערמאַן, סיראקיוז: וואָס האָט די קאָמיטע צו זאָגען אויף דעם, וואָס אונזערער א מיטגליעד האָט אונז באריכטעט, אז דר. ראָזענבערג באהאנדעלט ניט גאָר פיין די פּאציענטען? און ווי איז אויך געווען זיין האנדלונג אין צייט פון סטרייק?

סיגעל, הארדפאָרד: לויט דעם באריכט איז פארשטענדליך, אז אין צייט פון סטרייק האָט דער אסיסטענט דאָקטאָר צוזאמען מיט אלע אנדערע זיך אלץ אויפגעהאלטען אויף די „גראונדס“, אויב אזוי, דאַן ווארום האָט דאָס די קאָמיטע ערלויבט?

סודאקאוו, ניו יאָרק: ווארום האָט די קאָמיטע דאָך ערלויבט דעם פּעטערסאָנער פּאציענט צו בלייבען נאָך אלע פּאסירונגען אין סאניטאריום? און פארוואָס זאָל די קאָמיטע בכלל ניט באציהען זיך שטרענג גענוג און אָנהאלטען די נויטיגע דיסציפּלין?

זשאספּער, קליוולאנד: 1) וויפיעל פּאציענטען געפינען זיך היינט אין סאניטאריום און וויפיעל איז געווען זייער צאָהל פער מאָנאט לעצטען יאָהר? 2) צי דענקט ניט די קאָמיטע, אז די אויסגאַבען פאר דער אויפהאלטונג פון פּאציענטען זיינען דאָך צו גרויסע? 3) איז די צאָהל פון אָנגעשטעלטע איצט די זעלבע וואָס פאָריגען יאָהר, אָדער א גרעסערע?

נעכאָוויץ, פילאדעלפיא: לויט דעם באריכט פון דער קאָמיטע וועגען די איצטיגע אָנגעשטעלטע, וויל איך פרעגען: ווארום האלטען אָזעלכע? 2) איז דער סטרייק פון די אָנגעשטעלטע אינדאָרסירט געוואָרען פון אַן ארבייטער־יוניאָן?

גאלפּערט, שיקאגאָ: ווארשיינליך ווייסען דאָך די קאָמיטע מיטגליעדער ווער עס זיינען שטענדיג די איינצעלנע טראָבעל־מאכער צווישען די פּאציענטען, דאַן ווארום זאָל די קאָמיטע ניט האנדלען שטרענג געגען אזעלכע? און ווארום האָט מען ניט געמאָלדען די ברענטשעס וועגען די לעצטע פּאסירונגען?

לעוויטאן, ניו יאָרק: ווארום האָט די קאָמיטע ניט קלאָר געמאכט אין איהר באריכט וועגען דריי אויסגעשלאָסענע פּאציענטען יאָהר, און די איינצעלהייטען פאר וואָס מען האָט זיי אויסגעשלאָסען?

בראגינסקי, פילאדעלפיא: 1) באלאנגען די אָנגעשטעלטע צו א יוניאָן? 2) דענקט ניט די קאָמיטע, אז אזא שריט, ווי וועלען צומאכען דעם סאניטאריום, ווי זיי האָבען געפּלאנט, וואָלט ניט געווען קיין פּאסענדער מיטעל?

נעלסאָן, נוארק: איז נויטיג צוויי דאָקטוירים אין סאניטאריום?

נעכאמקין, ניו יאָרק: איז דען ניט מעגליך די טראָבעל־מאכער, ווען נויטיג, גאָר אינגאנצען ארויסצושיקען פון סאניטאריום?

סירענקא, סט. לואיס: רענקט די קאָמיטע, אז אין קיין סאניטאריום טאָר מען בכלל ניט סטרייקען?

פאַרבער, שיקאגאָ: זיינען אלע אָנגעשטעלטע צוריק אריינגענומען געוואָרען?

פריינד גוסקין ענטפערט אויף אלע אינטערפּעלאציאָנען ווי פאָלגט:

מיר גיבען ניט קיין ווינטער־קליידער צו קיין פּאציענטען, ווייל נאָך דעם געזעץ האָבען מיר קיין רעכט ניט דאָס צו טאָן.

עס איז אמת, אז אין פארבינדונג מיט דעם פאַל פון דעם פּעטערסאָנער פּאציענט איז אונזער קאָמיטע געבלעקמיילט געוואָרען מיט אלעם וואָס מען האָט נאָר געוואָלט, נאָר קיין שריטע געגען דיעזען פאַל באזונדער האָבען מיר ניט געקענט נעהמען.

מיר האָבען פארלאנגט פאר א פּאציענט א צווייטע עקזאַ־

מיניישאן, ווייל עס איז פאראיבער מעהר ווי א מאנאט זייט זיין ערשטע עקזאמיניישאן, און דאס איז געזעצליך.

די מעשה, וואס א מיטגליעד האט דערצעהלט וועגען דר. ראזענבערג, איז גראדע א פארקעהרטע. אין מיין באריכט האב איך שוין באמערקט, אז דר. ראזענבערג איז אזא פערזאן, וועגען וועמענס ערלעך באהאנדלונגען עס קענען קיין ספקות ניט זיין. ער איז אן אויפזעהער און א מאל א טענה געגען אזעלכען דארף אונז ניט איבערראשען. וואס אנבאלאנגט אין צייט פון סטרייק, האט ער צוזאמען מיט אונז געטאן אלעס וואס איז געוועזן מעגליך.

געוויס איז דר. היבש און אלע אנגעשטעלטע, אין צייט פון סטרייק, געוועזן אויף די גראונדס פון סאניטאריום, אבער מיר האבען צו דעם גאר ניט געקענט העלפען.

מיר האבען קיין שטארקערע שטעלונג ניט גענומען געגען אלע דערמאנטע טומעל־מאכער, פשוט צוליעב דעם כבוד פון ארבייטער רינג.

מיר וועלען געוויס דארפען אויסבויען א פלאץ פאר אן אסעמבלי, מיר האבען דאס אבער דעם יאהר ניט געטאן, ווייל מיר ווארטען ביז דער יקרות אויף בוי־מאטעריאלען וועט אביסעל פארקלענערט ווערען.

וואס אנבאלאנגט די פראגע : וואס פאר רעקאמענדיישאנס מיר האבען וועגען איינפיהרען א שטרענגערע דיסציפלין, גלויבען מיר, אז אזעלכע רעקאמענדיישאנס דארפען די דעלעגאטען באטראכטען. מיר האבען אייך דערצעהלט וועגען דער אלגעמיינער לאגע און די פאסירונגען אין סאניטאריום, און מיר ווילען, אז איהר זאלט אונז רעקאמענדירען פלעגער און העלפען, אז עהנליכע פאסירונגען זאלען ניט פארקומען אין דער צוקונפט.

די פעהלערען פון דער אראנדזשמענט קאמיטע פון דער אונטערנעהמונג פאר דעם לאס אנדזשעלעס סאניטאריום זיינען באשטאנען אין דעם : וואס, ערשטענס, האבען זיי אונז פארשפראכען, אז זייער ארבייט אויף די גראונדס זאל געטאן ווערען אזוי, אז עס זאל ביי איינינע באזוכער ניט בלייבען קיין איינדרוק פון נדבות פאר דעם ארבייטער רינג סאניטאריום. זיי האבען אבער דארט יא געהאט גאלדענע בלעטער פאר נדבות און דער אופן ווי די קאלעקשאנס זיינען געמאכט געווארען, האט זיך דער איינדרוק באקומען אן אנדערער, ניט ווי זיי האבען פארשפראכען. און צווייטענס, האבען זיי געבראכט מענשען, וואס האבען געדארפט אויפטרעטען ביי זייער קאנצערט און האבען ניט געזעהן צו באזארגען פאר די זעלבע קיין עסענווארג, וואס אויפ'ן פלאץ איז דאס נישטא, סיידען אין אונזער סאניטאריום.

מיר האבען ניט געשיקט קיין פלארידא די סאניטאריום־„סלייטס“, ווייל מיר האבען זיי געשיקט צו אנדערע בראנטש'עס און יענע האבען זיי צוריק ניט אפגעשיקט.

מיר האבען ניט געבראכט קיין קלאגען געגען דעטראיטער בראנטש. מיר האבען בלויז דערצעהלט, אז מיר האבען צום בראנטש געשריבען, — אויסער דער טעלעגראמע, וואס איז אפשר פארלארען געגאנגען, און מען האט אונז ניט געענטפערט און קיין זאך ניט ערקלערט.

די איצטיגע דורכשניטליכע צאהל פאציענטען אין סאניטאריום איז 59 מיט איין פינפטעל. וואס אנבאלאנגט די פראגע, ווארום עס קאסט אזוי טייער די אויפהאלטונג פון די פאציענטען, האבען מיר וועגען דעם ערקלערט גענוג אין באריכט, אויב דאס איז פאר אנדערע ניט גענוג קלאר, זאלען זיי דאן נאכזעהן אונזערע טאבעלען פון אויסגאבען אין מאי, נומער „פריינד“.

אויף די פראגען אויב די אנגעשטעלטע באלאנגען צו א יוניאן, קען איך ענטפערען : אז איך וואלט מיט פארגניגען זיי אליין ארגאניזירט אין א יוניאן, ווייל א יוניאן וואלט געשטעלט פאדערונגען. אהן קיינע פאדערונגען סטרייקט מען ניט. אבער זייער סטרייק איז ניט געוועזן קיין סטרייק פאר קיין ארבייטער־פאדערונגען, נאר א סטרייק מיט א פארלאנג אנצושטעלען א דאקטאר, וואס האט מיט קיין אנגעשטעלטע קיין שייכות ניט. מיר האבען אויך ניט געזאגט, אז אין קיין סאניטאריום טאר מען ניט סטרייקען, נאר וואס מיר זיינען איבערצייגט איז, אז אזא פאל, ווי עס האט ביי אונז געטראפען, איז אן ארגאניזירטער „סאבאטאזש“ געגען א קראנקען־אינסטיטושאן און געגען אן ארבייטער־ארגאניזאציאן.

מיר האבען ניט געמאלדען וועגען לעצטען פאל צו די בראנטשעס, ווייל דאס האט פאסירט ערשט מיט א פאר וואכען פאר דער קאנווענשאן.

עס איז ריכטיג, אז דריי פאציענטען זיינען צוליעב אורזאכען אויסגעשלאסען געווארען, אבער אונזער קאמיטע האט זיי פארשפראכען ניט צו פארעפענטליכען קיין איינצעלהייטען פון די אורזאכען. עס איז אבער פאר אלעמען זיך לייכט פארצושטעלען, אז אויב זיי אליין זיינען געוועזן ווילינג אוועקצוגעהן, האבען זיי מסתמא באדארפט געהן.

דאס וואס איינינע דענקען, אז מען דארף איינגאנצען ארויסנעהמען די טומעל־זוכער, וואס געפינען זיך צווישען די פאציענטען, גלויבען מיר, אז זיי האבען א טעות. דאס איז ניט אזוי לייכט צו טאן ווי זיי דענקען.

אין אונזער סאניטאריום זיינען געוויס נויטיג צוויי דאקטוירים. אויב מעהר, וואלט געוויס זיין נאך בעסער, אבער וועגען וועניגער ווי צוויי קען גאר קיין פראגע ניט זיין, **אז דאס** איז אונמעגליך

די סאניטאריום קאמיטע צוזאמען מיט דער גאנצער עקזעקוטיווע האבען געוויס א רעכט צוצומאכען דעם סאניטאריום אין א פאל, ווען קיין אנדער אויסוועג איז ניט פאראן, און דארום האט די עקזעקוטיווע אין לעצטען פאל אויך געהאט אזוי באשלאסען.

דער באריכט־אפגעבער, פריינד גוסקין, צוזאמען מיט דער סאניטאריום קאמיטע ווערען באדאנקט פאר זייער ארבייט.

---

## ספעציעלע זיצונג פון פיונעראל דעפארטמענט

דאנערשטאג, דעם 8טען מאי, 9 אוהר אין דער פריה. די זיצונג פון פיונעראל דעפארטמענט ווערט ערעפענט פון פריינד ל. גינזבורג, פארטרעטער פון פיונעראל דעפארטמענט. אלס טשערמאן ווערט ערוועהלט פריינד גאלפערט פון שיקאגא, אלס וויים טשערמאן פריינד סיימאן פון לאס אנדזשעלעס, אלס סעקרעטער פריינד ל. ראטהמאן פון ניו־יארק.

עס ווערט פארגענומען דער באריכט פון דעם פיונעראל דעפארטמענט. פריינד ל. גינזבורג באריכטעט, אז דער רעפערענדום וועגען העכערען די קרעדיט־רייטס פאר פיונעראלס, וואס אין לעצטען יאהר דורכגעפיהרט געווארען, איז גליקליכערווייזע אריין אין קראפט, מיט עטליכע מאנאטען בעפאר די עפידעמיע האט אויסגעבראכען, און ווען ניט די געהעכערטע רייטס, וואלטען דער דעפארטמענט ווי אויך די בראנטשעס זעהר שווער געליטען.

אין דעם 73טען קווארטאל איז אויסגעצאהלט געווארען איבער דרייסיג טויזענד דאלאר פיונעראל בענעפיט. דאס הייסט אונגעפעהר מיט 26 טויזענד דאלאר מעהר ווי אין א נארמאלען קווארטאל. דיעזע איבערגעוועהנליכע גרויסע אויסגאבען האבען אין גאנצען אפגעווישט דעם סורפלוס, וועלכען דיעזער דעפארטמענט האט פארמאגט. עס האט אויך געמאכט א דעפיציט פון גענויע פיער טויזענד דאלאר. אין אנדערע ווערטער הייסט עס, אז דער סעמעטערי דעפארטמענט איז יעצט דער שפייזער פון דעם פיונעראל בענעפיט דעפארטמענט, און וועט אויך מוזען איהם לייסטען די פינאנציעלע שטיצע, אין וועלכער דער דעפארטמענט וועט זיך נויטיגען אויך אין דעם 74טען קווארטאל. ווייל די עפידעמיע, אבוואהל ניט ווי עס איז געוועזן, דאך זיינען די טויטען־פעלע נאך ווייט געוועזן פון נארמאל, און זאגאר יענעם קווארטאל איז געוועזן א דעפיציט פון אכט טויזענד דאלאר.

דיעזע אומשטענדען האבען געפיהרט דערצו, אז די קאמיטע מוז קומען צו דיעזער קאנווענשאן מיט א רעקאמענדיישאן צו פארגרעסערען די צאהלונגען צום פיונעראל פאנד מיט 5 סענט א קווארטאל, ד. ה., אז אנשטאט 12 סענט זאל יעדער מעמבער צאהלען 17 סענט א קווארטאל.

פריינד ל. בעצאהלער, פארטרעטער פון דער פיונעראל קאנטראל קאמיטע, באריכטעט, אז אין דער צייט פון דער עפידעמיע האט די פילאדעלפיער סעמעטערי קאמיטע זיך צו זיי געווענדעט מען זאל זיי אויסלייהען טויזענד דאלאר אויף דעם חשבון פון די פיונעראל סטייטמענטס, וואס זיי וועלען נאכהער אריינשיקען.

זי האָבען ערקלערט, אַז זיי מוזען דיזע סומע אונבאַדינגט האָבען, ווייל דער אַנדערטייקער, מיט וועלכען זיי האָבען געהאַט אַ יעהרליכען קאָנטראַקט, האָט אין דער צייט פון דער עפּידעמיע אָפּגעבראָכען דעם קאָנטראַקט, און זיי מוזען צאָהלען פאַר יעדער פיונעראַל קעש. אַ קאָמיטע פון פיונעראַל דעפּאַרטמענט צוזאַמען מיט פאַרטרעטער פון סעמעטערי דעפּאַרטמענט זיינען געפאָהרען אין פילאַדעלפיא, און נאָכדעם ווי זיי האַבען געהאַט אַ געמיינשאַפטליכען מיטינג מיט דער סעמעטערי קאָמיטע פון פילאַדעלפיא, וועלכע האָט גאַראַנטירט, אַז דיזע סומע פון טויזענד דאָלאַר וועט אומגעקעהרט ווערען צום פיונעראַל דעפּאַרטמענט דורך די פיונעראַל קרעדיט־סטייטמענטס. וואָס די ברענטשעס פון פילאַדעלפיא וועלען אריינשיקען אין אָפיס, איז זיי דיזע סומע באַוויליגט געוואָרען.

פריינד בעצאַהלער באַריכטעט אויך, אַז פון צייט צו צייט האָט די פיונעראַל קאָנטראָל קאָמיטע אונטערזוכט די געשעפטספיהרונגען פון פיונעראַל דעפּאַרטמענט און געפונען אַלעס אין בעסטען אָרדנונג.

נאָך דעם ווי עס ווערען געשטעלט און פאַרענטפערט איינינגע אינטערפּעלאַציעס צו די פאַרטרעטער פון פיונעראַל דעפּאַרטמענט, ווערען די באַריכטען גוטגעהייסען און די קאָמיטע ווערט באַדאַנקט פאַר איהר אַרבייט.

פריינדין אש, סעקרעטער פון פיונעראַל דעפּאַרטמענט, גיט אָפּ דעם פינאַנציעלען באַריכט. זי ערקלערט אין איינצעלהייטען די פאַרשיעדענע איינאַהמען און אויסגאַבען פון פיונעראַל דעפּאַרטמענט, וועלכע זיינען צוגעשטעלט געוואָרען צו די דעלעגאַטען אין אַ געדרוקטען רעפּאָרט, שטעלט זיך אָפּ אויף דער פראַגע פון די פילאַדעלפיער ברענטשעס, וועלכע שיקען ניט אריין זייערע אַנדערטייקער־בילס, און דער אָפיס קען דאָס ניט אַראָפּנעהמען פון די אויסגעבאָרגטע טויזענד דאָלאַר, וואָס איז זיי אויף דיזען אַקאַונט באַוויליגט געוואָרען, און דריקט אויס איהר מיינונג, אַז די קאָנווענשאָן זאָל זיך באַציהען ערנסט צו דיזער פראַגע און אויפפאָדערען די ברענטשעס פון פילאַדעלפיא, וועלכע האָבען געהאַט טויטען־פעלע, זיי זאָלען אריינשיקען אין אָפיס די אַנדערטייקער־בילס.

ער באַריכטעט אויך, אַז אין פאַרלויף פון יאָהר האָבען זיי זיך אָנגעשטויסען אין געוויסע טויטען־פעלע קייסעס, איבער וועלכע זיי איז געווען שווער צו האַנדלען, נעמליך. עס האָט פּאַסירט, אַז אַ טאָג אָדער צוויי שפּעטער נאָך דעם ווי אַ מעמבער איז געשטאָרבען, און נאָך איידער ער איז באַערדיגט געוואָרען, איז געשטאָרבען אַ קינד, אָדער די פרוי פון זעלבען מעמבער. נאָך דער קאָנסיטושאָן נאָך איז אין אַזאַ פאַל די פאַמיליע ניט מעהר באַרעכטיגט צו קיינע בענעפיטס, ווייל מיט דעם טויט פון מעמבער ענדיגט זיך זיין מעמבערשיפּ און דער פיונעראַל דעפּאַרטמענט האָט ניט מעהר קיינע פאַרפליכטונגען צו דער פאַמיליע פון פאַרשטאָרבענעם און זיי זיינען ניט באַרעכטיגט מעהר צו קיינע בענעפיטס. די קאָמיטע האָט אָבער אין די עטליכע קייסעס זיך ניט שטאַרק אָפּגעשטעלט אויף דער פּינקטליכקייט פון געזעץ און האָבען אויסגעצאָהלט די בענעפיטס. מיט דער האָפנונג, אַז די קאָנוועשאָן דאַרף באַשטימען אַ צייט, ביז ווען עס זאָל זיך רעכענען, אַז די פאַמיליע פון פאַרשטאָרבענעם מעמבער איז באַרעכטיגט צו פיונעראַל בענעפיטס אָדער ניט, און זיי שלאָגען פאָר, אַז ניט מעהר ווי 48 שטונדען נאָך דעם ווי דער מעמבער איז געשטאָרבען און עס פּאַסירט אַ טויטען־פאַל פון אַ קינד אָדער אַ פרוי פון זעלבען מעמבער, זאָלען זיי באַערדיגט ווערען אויף די קאָסטען פון פיונעראַל דעפּאַרטמענט.

נאָך דעם ווי פריינדין אַש ענטפערט צופריעדענשטעלענד אויף איינינגע אינטערפּעלאַציעס צום פיונעראַל דעפּאָרט, ווערט דער רעפּאָרט גוטגעהייסען און זי ווערט באַדאַנקט פאַר איהר איבערגעבענער אַרבייט. זי ווערט אויך פון אַ גרופּע דעלעגאַטען פּרעזענטירט מיט אַ בוקעט בלומען אַלס אויסדרוק פאַר איהר לייסטונג צום סעמעטערי און פיונעראַל דעפּאַרטמענט.

דעלעגאַט טייטעלמאַן פון פילאַדעלפיא שילדערט די לאַגע פון די פילאַדעלפיער ברענטשעס אין דער צייט פון דער עפּידעמיע. ער ערקלערט, אַז די סעמעטערי קאָמיטע פון פילאַדעלפיא האָט אַ גרויסען־דעפיציט, און פאַרלאַנגט, אַז די קאָנווענשאָן זאָל באַוויליגען 500 דאָלאַר צו קענען דעקען דעם דעפיציט און די עקסטראַ אויסגאַבען, וואָס זיינען פאַראורזאַכט געוואָרען דורך דער עפּידעמיע.

די פראַגע ווערט דעבאַטירט, און פריינד טייטעלמאַן'ס פאַרלאַנג ווערט צוריקגעוויזען.

די צוויי רעקאָמענדיישאָנס פון דער פיונעראַל קאָמיטע, וועגען 5 סענט עקסטראַ טעקס און וועגען באַשטימען אַ צייט ווי לאַנג אַ פאַמיליע פון אַ פאַרשטאָרבענעם מעמבער איז באַרעכטיגט צו פיונעראַל אויסגאַבען, ווערען פאָרגענומען, און עס ווערט באַשלאָסען אַרויסצושיקען צום רעפערענדום די פראַגע פון אַ 5־סענטיגען טעקס, צו דעקען דעם דעפיציט אין פיונעראַל פאָנד.

די צווייטע רעקאָמענדיישאָן ווערט איבערגעגעבען צו דער נעקסטער קאָמיטע, זיי זאָלען אַליין באַשטימען.

עס ווערט פאָרגענומען וואַהל פאַר אַ נייער פיונעראַל קאָמיטע און פאָלגענדע דריי ווערען ערוועהלט: ל. בעצאַהלער פון בר. 42, ל. דינערשטיין פון בר. 99 און ס. נודעלמאַן פון בר. 275. אַלס סאָבסטיטוט ווערט ערוועהלט פריינד גינזבורג פון בר. 1.

די פיונעראַל זיצונג ווערט דערנאָך געשלאָסען.

ל. ראָטהמאַן, סעקרעטער.

---

## 6טע זיצונג

די 6טע זיצונג ווערט ערעפענט פרייטאַג, 10 אַ זייגער פריה, אין דעטראָיטער לייבאָר ליסעאום.

אַלס טשערמאַן ווערט ערוועהלט פריינד טייטעלמאַן פון פילאַדעלפיא און אַלס וויס־טשערמאַן ווערט ערוועהלט פריינד לאַנגער פון ברוקלין.

פריינד פערלאָוויץ לעזט פאָר דעם פּראָטאָקאָל פון דער 4טער זיצונג, וועלכער ווערט אָנגענומען.

גענ. וואַגענקנעכט באַגריסט די קאָנווענשאָן אין נאָמען פון נאַציאָנאַלען אָפיס פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. אין זיין באַגריסונג דערמאָנט ער די שווערע פּאָליטישע פאַרפאָלגונגען געגען די סאָציאַליסטישע אַקטיווע טוער אין דער לעצטער צייט. ער באַטאָנט ספּעציעל די פאַרפאָלגונגען אין לעצטען ערשטען מאַי. פיעלע פון די אַרעסטירטע אין דער קליוולענדער מאַי־דעמאָנסטראַציע זיינען געשטעלט אונטער קלאַגען פון טויט־אָנפאַלען, כאָטש אַזעלכע אַטאַקעס זיינען אויף די דעמאָנסטראַנטען געמאַכט געוואָרען פון פאַרשיעדענע לאָופער־באַנדעס. צו דיזע אַלע פאַרפאָלגונגען זיינען נויטיג פאַר דער פּאַרטיי גרויסע אויסגאַבען פאַר לאָיערס און עהנליכעס. און אין דיזער צייט האָט די פּאַרטיי אויך געפונען פאַר נויטיג צו קויפען אַ הויז. די פּאַרטיי נויטיגט זיך אין אַן אייגענעם פּרינטינג פּלענט, אין אַ פּאַרטיי־צענטער פאַר אַלגעמיינער טעטיגקייט, און קיין פרעמדע הייזער קען מען אונטער די איצטיגע פּאָליטישע באַדינגונגען פאַר דעם צוועק ניט אָנהאַלטען. די פּאַרטיי האָט דאַרום געקויפט אַן אייגען הויז, און ער אַפּעלירט דאַרום צו די דעלעגאַטען, אַז די קאָנווענשאָן זאָל באַוויליגען אַ געוויסע סומע פאַר דעם צוועק.

גענ. י. שלאָסבערג באַגריסט די קאָנווענשאָן אין נאָמען פון די אַמאַלגאַמייטעד קלאָדינג וואָירקערס אָף אַמעריקאַ. דער רעדנער ערקלערט, אַז ער איז געקומען צו דער קאָנווענשאָן ווי צווישען אייגענע. אויסער דעם וואָס ער זעלבסט און אַנדערע טויזענדע פון זייערע מיטגליעדער זיינען אויך מיטגליעדער אין דעם אַרבייטער רינג, איז צווישען דער אַמאַלגאַמייטעד און דעם אַרבייטער רינג בכלל ניט פאַראַן קיין גרויסע פאַנאַנדערטיילונג. „די אַרבייט פון איין אָרגאַניזאַציאָן שאַפט נאָר די מעגליכקייט פאַר דער צווייטער צו טאָן מיט מעהר ערפאָלג זייער טייל פון אונזער אַרבייט. אונזער יוניאָן ערפילט איהרע אויפגאַבען. מיר זיינען אויך ניט אין אַזאַ לאַגע צו פאַרלאַנגען פון אייך קיין פינאַנציעלע שטיצע, נאָר ביי דיזער געלעגענהייט, ערקלערט ווייטער דער רעדנער, וויל ער זיך באַציהען צו אַנאַנדער וויכטיגען פונקט:

די עדיוקיישאָנאַל אַרבייט האָט אין די לעצטע יאָהרען אָנגעהויבען צו פאַרנעהמען אַ באַדייטענדען פּלאַץ אין אַלע טיילען פון אונזער באַוועגונג. די ערציהונגס־אַרבייט אין אונזערע

רייהען איז איצט פונקט אזוי נויטיג ווי סטרייקס און עהנליכעס. דיעזע ארבייט ווערט יעצט געטאָן כמעט פון אלע אָרגאניזאציאָנען. און כדי די זעלבע אויפגאבע בעסער צו ערפילען — מיט וועניגער אויסגאבען און מיט גרעסערע ערפאָלגען — איז נויטיג א פאראייניגונג פון כחות אויף דיעזען געביעט. אזא פראָבע איז געמאכט געוואָרען לעצטען יאָהר אין ניו יאָרק. און דער רעדנער דריקט אוים די האָפנונג, אז דער ארבייטער רינג וועט אויף דיעזען געביעט אויך ווייטער ארבייטען צוזאמען — אין א פאראייניגטער קאָמיטע פון אלע גרעסערע און קלענערע ארבייטער־אָרגאניזאציאָנען.

דער טשערמאָן פון דער נאציאָנאלער עקזעקוטיווע, פריינד עפשטיין, באריכטעט פאר דער נאציאָנאלער עקזעקוטיוו קאָמיטע:

ער פאנגט אָן זיין באריכט מיט דער ערקלערונג, אז אין דעם פארגאנגענעם יאָהר האָט די נאציאָנאלע עקזעקוטיווע אלס גאנצע ווידער פיעל ארבייט אויפגעטאָן, און אז 95 פראָצענט פון איהר טעטיגקייט זיינען געוועזען די פארשיעדענע געזעלשאפטליכע פראגען, וואָס באריהרען די אינטערעסען פון די ראדיקאלע מאסען. דאָס איז געוועזען דערפאר, ווייל דער ארבייטער רינג איז נים נאָר אָן ארבייטער אינשורענס אָרגאניזאציע, נאָר אויך אָן אָרגאניזאציאָן, וועמעס מיטגליעדער עס זיינען ערנסט פאראינטערעסירט אין אלע געזעלשאפטליכע ארבייטער־פראגען. און אונזער טעטיגקייט דעם יאָהר, ווי שטענדיג, איז געוועזען פאר דער נשמה ווי פאר דעם גוף, ווייל אנדערש איז דער ערפאָלג פון דעם ארבייטער רינג אונמעגליך.

ער שטעלט זיך אָפּ, ערשטענס, אויף איין טייל פון דער ארבייט, און די רעזולטאטען וואָס דיעזע ארבייט האָט געבראכט. ער דערמאָנט די טעלעגראמע פון פריינד געליעבטער אין דעם סטייטמענט פון עקטשוערי מר. עלדרידזש. זיין סטייטמענט, אז די וואליואיישאָן פון דעם ארבייטער רינג איז איצט שוין נאָהענט צו 103 פראָצענט, ווייזט פאר דער גרויסער וועלט, אז די אידישע ארבייטער קענען אויך בויען, און נאָך פעסטער ווי פיעלע אנדערע אָרדענס, ווייל היינט צו טאָג קען קיין איינער פון די עלטערע אידישע אָרדענס נים באווייזען דאָס זעלבע. מיר זיינען געקומען צו דעם מאָמענט, ווען מיר קענען יעדען איינציגען פון אונזערע מיטגליעדער גאראנטירען פאר יעדען סענט וואָס מיר פארשפרעכען. און דערצו האָבען מיר דערגרייכט דורך דער שווערער ארבייט פון אונזער וואקסענדער אָרגאניזאציאָן פאר די לעצטע 18 יאָהר.

פריינד עפשטיין באריהרט דאן די פראגע וועגען לעגאַליזאציאָן, און ער זאָגט: אין אָנפאנג, ווען דער ארבייטער־רינג האָט זיך אינסטאָלירט, האָבען מיר געהאט בלויז 10 שטאאטען, וואו מיר האָבען געקענט זיין געזעצליך. אין די איבעריגע האָבען מיר אין לויף פון יאָהרען געטאָן ארבייט, אָבער נים לעגאַל. און דאָס האָט פיעל געשטערט אונזער וואוקס און אונזער אלגעמיינע טעטיגקייט אין יענע ערטער. אונז איז צייטענווייז אויסגעקומען צו ארבייטען אונטער אומשטענדען מיט אלערליי מיאוס'ע סטראשונקעס, מסירות פון פרעמדע און אָפּט אויך פון אזוי־גערופענע איינענע. אין קעם לעצטען יאָהר, נאָכדעם ווי פראטווירנאל רייטס איז ביי אונז אָנגענומען געוואָרען, האָבען מיר אין אלע — פאר אונז אונלעגאלע שטאאטען, אריינגעשיקט אונזערע אפּליקיישאָנס פאר טשארטערס. אלס ענטפער האָבען מיר צוערשט באקומען אָנפראגען וועגען אונזער וואליואיישאָן. דער קאָמישיאָנער האָט דאן ספּעציעל אונטערזוכט אונזערע אלע ביכער וועגען פארמעגען און דער רעפּאָרט איז פאר אונז אלעמען געוועזען אָן ערפרעהענדער. מיר האָבען א דאנק דיעזען רעפּאָרט שוין ביז היינט באקומען טשארטערס אין נייע 14 שטאאטען, 2 פראָווינצען אין קענעדע און מיט א דריטער פראָווינץ שטעהען מיר איצט אין פארבינדונג און ערווארטען אויך דעם זעלבען רעזולטאט. א דאנק אונזער רעפּאָרט וועגען וואליואיישאָן, און א דאנק אונזער שטענדיגען נאָרמאלען וואוקס, האָט מען אונז אפילו פון איין סטייט געענטפערט מיט די ווערטער: אז „דורכזעהענדיג אייער רעקאָרד פאר די לעצטע 18 יאָהר זיינען מיר זעהר צופריעדען צו טרעפען אייער אָרגאניזאציאָן אויך אין אונזער סטייט.“ עס איז ריכטיג, אז איינינע שטאאטען שטעלען אונז נאָך שוועריגקייטען, אָבער דאָס איז בלויז צוליעב אונזער פרינציפּען־ערקלערונג, וועלכע איז זיי נים אזוי געפעלען. נאָר אין דיעזע שטאאטען, אויב אָן ענדערונג אין אונזער פרניציפּען־ערקלערונג זאָל זיין א באשטימטער פארלאנג אויף ווייטער, וואָלט מיין מיינונג געוועזען: בעסער נים צו זיין געזעצליך אין אזעלכע שטאאטען איידער צו אָפּפערען מיט אונזערע פרינציפּען.

אויך קיין מאסאטשוזעטס סטייט האָבען מיר זיך געווענדעט נאָך א טשארטער, האָט מען אונז פון דאָרט פריהער געענטפערט, אז זיי פארשטעהען נים ווי מיר זיינען געוואָרען א פראטווירנאל קאָנגרעס רייט אָרגאניזיישאָן. עס האָט געשיינט, אז זיי פארשטעהען נים, ווייל אונזערע רייטס זיינען צו ביסלאך איינגעפיהרט. מיר האָבען זיך געווענדעט צו עלדרידזש'ן און ער האָט אונז פארשפּראָכען צו זעהן, אז אויך מאסאטשוזעטס סטייט זאָל אונז פארשטעהען. און הגם מיר זיינען זעהר פאראינטערעסירט אין מאסאטשוזעטס סטייט, איז דער אויסגאנג דאָך פארבונדען מיט רוטינע, אזוי אז עס נעהמט צייט אפילו פון איין ענטפער ביז א צווייטען. אלס אָן ענטפער לעצטענס האָבען מיר נאָר באקומען פון מאסאטשוזעטס א נייען פארלאנג. דער פארלאנג איז פאר א קראנקען־בענעפיט טאַבעלע. מיר גלויבען, אז אזא סאָרט פארלאנג איז דאָס צו אונז געשטעלט געוואָרען א דאנק די באמיהונג פון דעם דאָרטיגען אינדעפּענדענט קלייזעל, כדי צו שטערען דעם ארבייטער רינג צו ווערען דאָרט לעגאַל. מיט די פּענים פון די אָרימע איז דורך א געוויסען לאָיער אזא געזעץ דורכגעשמוגעלט געוואָרען, כדי נים אָפּצושוואכען די כחות פון דער גרופּע, וואָס זוכט צו פארשוועכען אונזער גרויסען נאָמען. אָבער אויך אין מאסאטשוזעטס סטייט זיינען נאָך די האָפנונגען גרויסע, און מיר וועלען בלויז זיין געצוואונגען אָנצואווענדען אונזערע אלע כחות צו נעהמען דיעזען שטאאט. עס וועלען דערצו געווים נויטיג זיין גרעסערע געלד־אויסגאבען און די זעלבע וועלען מוזען געמאכט ווערען. מיר וועלען דאָס מוזען טאָן ערשטענס דערפאר, ווייל עטליכע און דרייסיג הונדערט מיטגליעדער פון לייבאָר ליעג שטעהען דאָרט און ווארטען בלויז אויף אונז, און צווייטענס, ווייל מיר מוזען האָבען בלויז איין ארבייטער רינג אין די פאראייניגטע שטאאטען. עס זיינען דאָ די פאָלגענדע מעגליכקייטען: ערשטענס, איז מעגליך, אז די טאבעלען, וואָס וועלען ערשט פאר יענעם שטאאט אויסגעארבייט ווערען, זאָלען מיר אָננעהמען; צווייטענס, איך אויך מעגליך דיעזען געזעץ פאר אזעלכע טאבעלען איינגאנצען צו באקעמפען. אָבער אזוי, סיי אזוי, איז דיעזע אויפגאבע פאר אונז אלעמען א לעבענס־פראגע און מיר ווילען פון דער נאצ. עקז. פארשפּרעכען, אז מיר וועלען נים רוהען ביז אונזער פארלאנג וועט נים אויסגעפיהרט ווערען.

וואָס אנבאלאנגט אונזער אָרגאניזאציאָנס־ארבייט, האָבען מיר אויך אין לעצטען יאָהר געהאט ערפאָלג. אָבער נים קוקענדיג אויף דעם מוז מען אויך צוגעבען, אז דער ערפאָלג וואָלט געקענט זיין א פיעל גרעסערער, ווען מיר וואָלטען האָבען דערצו א ספּעציעל נויטיגען אָרגאניזאציאָנס־אפּאראט. ווי עס איז יעצט, האָבען מיר אָן אָפּיס פאר אלעס, — צו קאָלעקטען דיום און עהנליכעס, אָבער נים אויף צו קענען טאָן דירעקטע אָרגאניזאציאָנס־ארבייט. ווען מיר וואָלטען דאָס געהאט, וואָלטען מיר געקענט זיכער זיין מיט אונזער וואונש נים נאָר פאר 100 טויזענד, נאָר פאר 150 טויזענד מיטגליעדער ביז אונזער נעקסטער קאָנווענשאָן.

די אָרגאניזאציאָנס־פראגע פאר דעם נעסטען יאָהר פאַרדיענט באזונדערע אויפמערקזאמקייט. עס איז אפילו שווער פאָראויס צו זאָגען אויב פאר דיעזען לאנד וועט ענטשטעהען אָן עמיגראציע אָדער אָן אימיגראציע. עס איז אָבער קלאָר, אז אויב אָן עמיגראציע, וועלען מיר מוזען זעהן, אז אונזערע רייהען זאָלען נים אָפּגעשוואכט ווערען, און אויב אָן אימיגראציע, דאן דארפען מיר אויך זעהן, אז די נייע אריבערגעקומענע זאָלען אָנפילען מעהר אונזערע רייהען. ביז איצט איז אמת, אז די סיטי און דיסטריקט קאָמיטעען האָבען געטאָן ארבייט אויף דיעזען געביעט, אָבער עס האָט געפעהלט א סיסטעמע אין דער זעלבער ארבייט. אונזערע קאמפּיינס זיינען געפיהרט געוואָרען בלויז

2 אָדער 3 מאָנאַטען פאַר אַ קאָנווענשאָן, און מיר מוזען האָבען אַן אַפּאַראַט, וואָס זאָל דיעזען קאַמפּיין אָנפיהרען דעם גאַנצען יאָהר. דערצו איז נויטיג אַ ספּעציעלע אָרגאַניזאַציאָנס־ביוראָ אין אונזער אָפיס מיט אַ באַצאָהלטען אָרגאַנייזער אויף דעם גאַנצען יאָהר. דאַן וועלען מיר האָבען די מעגליכקייט צו טאָן דירעקטע אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבייט. דורך אַזאַ ספּעציעלער ביוראָ און דורך דער הילף פון אונז אַלעמען וועלען מיר קענען אויספיהרען, אַז אין יעדען ווינקעלע פון לאַנד, וואו עס איז נאָר דאָ אַ ראַדיקאַלע באַפעלקערונג, זאָל אויך אונבאַדינגט זיין אַ בראַנטש פון דעם אַרבייטער רינג.

פאַר די דעלעגאַטען פון דיעזער קאָנווענשאָן איז באַקאַנט דער באַשלוס אין שייכות צום קאָנסקריפּשאָן־געזעץ. אַזוי שנעל ווי דער דרעפט האָט זיך אָנגעפאַנגען האָבען מיר די פאָרגעשלאָגענע קאַנדידאַטען אין דעם עלטער פון 21 ביז 31 יאָהר אַריינגענומען בלויז אין 4טער קלאַס, שפּעטער, ווען דער דרעפּט־געזעץ האָט זיך באַצויגען צו די וואָס זיינען אין די יאָהרען פון 18 ביז 45, האָט די עקזעקוטיווע באַשלאָסען, אַז אויך קאַנדידאַטען אין דעם זעלבען עלטער זאָלען קענען אַריינגענומען ווערען בלויז אין 4טען קלאַס. אַ צושריפט אין שייכות מיט אונזער נייעם באַשלוס איז דאַן אַרויסגעשיקט געוואָרען צו אונזערע בראַנטשעס. גלייך נאָכדעם האָט אָבער די עקזעקוטיווע איינגעזעהן, אַז דיעזער באַשלוס וועט אָפּשטעלען כמעט דעם גאַנצען צופלוס פון נייע מיטגליעדער, און נאָך אַ רייהע פון באַראַטונגען האָבען מיר ווידער באַשלאָסען, אַז בלויז די אונפאַרהייראַטע אין דערמאָנטען דרעפּט־עלטער זאָלען קענען אַריינגענומען ווערען בלויז אין 4טען קלאַס, אָבער די פאַרהייראַטע פון צווייטען דרעפּט־עלטער, פאַר וועלכע דער דרעפּט־געזעץ גיט באַדייטענדע פּריווילעגיעס, אַזעלכע זאָלען זיך קענען אָנשליסען אין וועלכען קלאַס זיי ווילען. אָננעהמענדיג דיעזע באַשליסע, האָבען מיר געוואָלט פאַרהיטען ווי ווייט מעגליך די גרויסע מעגליכע פאַרלוסטען אין אונזער פאַרמעגען, אָבער גלייכצייטיג האָבען מיר געוואָלט פאַרהיטען, אַז דאָס זאָל אויך ניט פּאַראַליזירען אונזער טעטיגקייט און ניט אָפּשטעלען אונזער וואוקס.

אונזער 18טע קאָנווענשאָן האָט באַשלאָסען, אַז דער אַרבייטער רינג זאָל זיך אָנשליסען אין פאַרשיעדענע האָספּיטעלער פון לאַנד, און די קאָנווענשאָן האָט באַוויליגט אַ סומע פון 3 טויזענד דאָלאַר פאַר דעם צוועק. מיר האָבען אָבער אויסגעפונען, אַז מיט דיעזער סומע איז אונמעגליך צו מאַכען פאַרבינדונגען מיט האָספּיטעלער און מיר האָבען געוואָלט די זעלבע סומע צוריק ברענגען צו דער 19טער קאָנווענשאָן. איז אָבער אונערוואַרטעט אָנגעקומען די שרעקליכע מגפה, וואָס האָט אָנגעמאַכט אַזאַ חורבן, אַז איינציגע אָרדענס זיינען געווען געצוואונגען צו באַנוצען זייערע רעזערוו פאָנדס און צו באַשטימען הויכע ספּעציעלע טעקסעס אויף זייערע מיטגליעדער. מיר האָבען קיין רעזערוו פאָנדס ניט באַדאַרפט אָנריהרען, און קיין ספּעציעלע טעקסעס האָבען מיר אויך ניט באַדאַרפט. עס איז אָבער געווען אַן ערנסטער פאַרלאַנג פאַר שנעלע מעדיצינישע הילף, וואָס אַנדערע האָבען דאָס אפילו פאַר קיין געלד ניט געקענט באַקומען. מיר האָבען איינגעזעהן די נויטווענדיגקייט צו טאָן עטוואָס אין דיעזער הינזיכט פאַר אונזערע מיטגליעדער און זייערע פאַמיליען. קיין ספּעציעלע פאָנדען אין אַזאַ פאַל זיינען אָבער ביז היינט ביי אונז ניט געשאַפען, האָט דאַרום די עקזעקוטיווע באַשלאָסען זיך צו באַנוצען מיט אַ טייל פון דער סומע, וואָס איז באַשטימט פאַר פאַרבינדונגען מיט האָספּיטעלער און דאַן וואַרטען אויף אַ באַשלוס פון דער 19טער קאָנווענשאַן. מיר האָפען, אַז דיעזע קאָנווענשאַן וועט דאָס גוטהייסען. מיר האָפען אויך, אַז די קאָנווענשאָן וועט פון דאָס ניי באַטראַכטען די פראַגע וועגען פאַרבינדונגען מיט האָספּיטעלער און זעהען צו באַשטימען אַ גענינענדע סומע פאַר דיעזען צוועק. ביז היינט האָבען מיר זיך פאַרבונדען בלויז מיט איינינע אין ניו־יאָרק. עס איז אָבער נויטיג מיט מעהר האָספּיטעלער זיך צו פאַרבינדען. מיר גלויבען אויך, אַז דיעזע קאָנווענשאָן וועט באַטראַכטען וואָס עס זאָל קענען געטאָן ווערען אויף ווייטער אין עהנליכע אונערוואַרטעטע פעלע, ווי אין דער לעצטער מגפה.

**אין דעם פאַרגאַנגענעם יאָהר האָבען אַלע אונזערע קאָמיטעס** געטאָן אונזער אַרבייט מיט ערפאָלג, ספּעציעל די אָרגאַניזיישאַן, די סאַניטאַריום און די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטעס. אונזער רעקאָמענדיישאָן אָפּצושאַפען די בענעפיט קאָמיטע איז ניט דערפאַר, ווייל איהר אַרבייט איז ניט קיין וויכטיגע, נאָר מיר גלויבען, אַז דאָס איז אַן אויסשליסליכע אָפיס אַרבייט, און פאַר דעם האָבען מיר אויך אַן אָפיס קאָמיטע.

פריינד עפּשטיין דערמאָנט נאָכאַמאָל דעם צושטאַנד אין סאַניטאַריום, וואָס איז שוין באַריכטעט געוואָרען פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע. ער מאַכט אויפמערקזאַם די דעלעגאַטען אויף דער נויטיגקייט צו ערציהען אונזערע מיטגליעדער, אַז זיי זאָלען פאַרשטעהן, אַז דער סאַניטאַריום איז זייער אייגענע אינסטיטושאָן און אַז די אָנגענומענע רולס פאַר די פּאַציענטען מוזען פון זיי אויסגעפאָלגט ווערען. אויף דעם דאַרפען זיי זעלבסט שטענדיג אַכטונג געבען. עס איז אמת, אַז די נאַטור פון קראַנקען איז צו דעם ניט צוגעפּאַסט, אָבער אַנדערש ווי אָהן דער נויטיגער דיסציפּלין קען אַזאַ אינסטיטושאַן ניט אויפגעהאַלטען ווערען

פריינד עפּשטיין באַמערקט ווייטער וועגען דער האַרמאָנישער אַרבייט פון אַלע קאָמיטעס אין פאַרגאַנגענעם יאָהר און ער געהט איבער צו דער צווייטער טייל פון לעצטען יאָהר טעטיגקייט:

מיר האָבען אויך אין דעם לעצטען יאָהר געזעהן צו מאַכען דעם אַרבייטער רינג פּאָפּולער צווישען די ברייטע מאַסען. מיר האָבען אויסגענוצט אַלע מאָמענטען פאַר געזעלשאַפטליכער טעטיגקייט און אַנטייל גענומען אין אַלע ראַדיקאַלע געזעלשאַפטליכע באַוועגונגען. מיר האָבען אויך געזוכט פּאָפּולער צו מאַכען אונזער אָרגאַניזאַציאָן און אונזער טעטיגקייט דורך דער פּרעסע. אַ סך פון דעם וואָס דער אַרבייטער רינג האָט געטאָן האָט אפילו ניט געקענט פאַרעפענטליכט ווערען, אָבער די גרעסטע טייל פון אונזער טעטיגקייט איז באַקאַנט געוואָרען צום ברייטען עולם דורך דער פּרעסע, און ביי דער געלעגענהייט ווילען מיר אויסדריקען אונזער דאַנק צום „פאָרווערטס“, וועלכער האָט פאַר אונז שטענדיג געדרוקט אַלעס, וואָס איז נאָר געווען מעגליך צו דרוקען.

אין דעם לעצטען יאָהר זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען צוויי אידישע קאָנגרעסען און ביי ביידע זיינען מיר געווען פאַרטראָטען. אין דעם ערשטען האָבען מיר קיין באַדייטענדע ראָלע ניט געשפּיעלט, ווייל אונזער געהן אַהין איז געווען בלויז כדי ניט צו שטערען די איינינקייט אין דעם קאַמף פאַר אידישע רעכט, אויף דעם צווייטען קאָנגרעס האָבען אָבער אונזערע בראַנטשעס פאַרנומען איינע פון די הויפּט ראָלען. דער צווייטער קאָנגרעס איז דאָס געווען צוזאַמענגערופען פון דער נאַציאָנאַלער אַרבייטער קאָמיטע, וועלכע איז רעאָרגאַניזירט געוואָרען אויף אַ קאָנפערענץ, וואָס איז געווען איינבארופען דורך אונזער אייגענער איניציאַטיווע — צוזאַמען מיט די אַנדערע טיילען פון אונזער באַוועגונג.

מיר האָבען אויך לעצטען יאָהר געהאָלפען אין אַלע באַוועגונגען פאַר קאָאָפּעראַציאָן, לייבאָר לייסעאומס און עהנליכעס. די מיטגליעדער פון דער עקזעקוטיווע איז אויסגעקומען זעהר פיעל פאַרזאַמלונגען צו באַזוכען פאַר דעם צוועק. אונזערע איינענע בראַנטשעס און אַנדערע אָרגאַניזאַציאָנען האָבען זיך אַזוי פיעל מאָל צו אונז געווענדעט פאַר רעדנער אָדער באַגריסער, אַז ניט אַלעמענס איינלאַדונגען זיינען מיר געווען אימשטאַנד אויסצופיהרען.

און אין יעדער ערשיינונג אויף דער אידישער גאַס שפּיעלט דער אַרבייטער רינג אַן אָנגעזעהענע ראָלע: אין נאַטשוראַליזיישאַן אַרבייט ווי אין דער קאַמפּיין־זאַמלונג פאַר די אידישע מלחמה קרבנות. מיר האָבען שוין ביז היינט אין אונזער אָפיס אַריינגעקראָגען די סומע פון אַרום 22 טויזענד דאָלאַר פאַר אונזער 25 טויזענד דאָלאַר פאָנד, וואָס מיר האָבען פאַרשפּראָכען. מיר האָבען שוין ביז איצט איבערגעשיקט אין די מלחמה־געגענדען אַן ערך פון איבער 100 טויזענד דאָלאַר, ניט רעכענענדיג די גרויסע סומען, וואָס פיעלע פון אונזערע בראַנטשעס שיקען דירעקט אין די פאַרשיעדענע געגענדען פון איראָפּאַ.

אונזער קאַמפּיין פאַר דעם מיליאָן דאָלאַר פאָנד איז אפילו

נים געווען אזוי ערפאָלגרייך, צוליעב דער עפּידעמיע, אָבער 7 טויזענד דאָלאַר איז דאָך געשאַפען געוואָרען, חוץ די גרויסע סומען, וואָס פיעלע פון אונזערע ברענטשעס האָבען דירעקט געשיקט צום נאַציאָנאַלען פּאַרטיי אָפיס.

ביי דער לעצטער געלעגענהייט דערמאָנט פריינד עפּשטיין נאָכאַמאָל די רעזאָלוציאָן פון דער לעצטער קאָנווענשאַן, וועלכע האָט געלויטעט, אַז אַלע געלדער פאַר שטיצע, וואָס אונזערע ברענטשעס זאַמלען, זאָלען געשיקט ווערען צום נאַציאָנאַלען אָפיס. „אונזערע ברענטשעס פיהרען ניט אויס דיעזען באַשלוס און עס וואָלט געווען ווינשענסווערט, אַז די דעלעגאַטען זאָלען דאָס נעהמען אין אַכט אויף ווייטער.

און דער רעדנער זעצט פאָרט: ווען איהר וואָלט דורכקוקען די פּראָטאָקאָלען פאַר דעם פאַרגאַנגענעם יאָהר, וואָלט איהר באַקומען אַ גענויערען באַגריף וועגען אונזער טעטיגקייט. איהר וואָלט באַגעגענט אַזעלכע פונקטען ווי וועגען טאָם מוני, יודזשין וו. דעבס, וועגען פאַרשיעדענע פּאָליטישע ווי אינדוסטריעלע פראַגען. איהר האָט שוין געהערט אין דעם באַריכט פון דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע וועגען אַזאַ פאַל ווי דער סכסוך אין פּעטערסאָן. אונזער עקזעקוטיווו קאָמיטע האָט געהאַנדעלט און באַשלאָסען, אַז די יעניגע מיטגליעדער אין פּעטערסאָן, וואָס אַרבייטען אויף דריי וועב־שטוהלען, מוזען נאָכקומען די באַשליסע פון זייער יוניאָן, אַנדערש וועלען זיי אויך אויסגעשלאָסען ווערען פון אונזערע רייהען, ווייל מיר זיינען אַ רינג פון אַרבייטער.

אין ענדע פון זיין באַריכט קאָרעגירט פריינד עפּשטיין דעם פּונקט אין דעם באַריכט פון דער גריוועַנס קאָמיטע וועגען דעם מעמבער, וואָס איז געווען נאָמינירט פאַר אַ דזשאַסטיס אָוו דהי פּיעס. נאָך דיעזער קאָרעקשאָן איז דער פאַל געווען ווי פאָלגט:

אויף דער אָנפראַגע, צי מעג אַ מיטגליער לויפען אויף אַ קאַפּיטאַליסטישען טיקעט, האָט מען דעם ברענטש געענטפערט, אַז קיין מיטגליעד פון אַרבייטער רינג קען ניט לויפען אויף קיין אַנדער טיקעט אויסער דעם סאָציאַליסטישען. דער מעמבער האָט דאַן ערקלערט, אַז די ס. פּ. שטעלט קיין אַנדער קאַנדידאַט ניט אַרויס פאַר דיעזען אַמט, ווייל ער איז דער קאַנדידאַט. די עקזעקוטיווע האָט נאָך דיעזען ענטפער באַשלאָסען אָנצופרעגען וועגען דער גאַנצער פראַגע דעם דאָרטיגען ברענטש פון פּאַרטיי. און דער ענטפער איז געווען, אַז די פּאַרטיי האָט אויך דיעזען קאַנדידאַט אינדאָרסירט.

פריינד איזידאָר קאָהען באַריכטעט פאָלגענדע פּונקטען פאַר דער קרעדענשעל קאָמיטע:

1) לויט זייער באַשלוס איז דיענסטאַג טעלעגראַפירט געוואָרען צו דעלעגאַט יוראַק, אַז ער זאָל ניט קומען צו דער קאָנווענשאַן, און אַנשטאַט איהם איז טעלעגראַפיש אַרויסגערופען געוואָרען פריינד קליינמאַן, דער נעקסטער קאַנדידאַט אויפ'ן באַלאָט. פריינד יוראַק האָט די טעלעגראַמע ניט באַקומען און ביידע זיינען געקומען צו דער קאָנווענשאַן. די קאָמיטע רעקאָמענדירט, אַז צו פריינד יוראַק זאָל אויסגעצאָהלט ווערען זיינע הוצאות און ער זאָל אויסגעשלאָסען ווערען. פריינד קליינמאַן זאָל זיך רעכענען אַלס דעלעגאַט פון דאָנערשטאַג פריה, די צייט ווען ער איז אָנגעקומען צו דער קאָנווענשאַן.

2) די קרעדענשעל קאָמיטע האָט באַקומען אַ בריעף פון אַן אַנצאָהל פּאַציענטען אין סאַניטאַריום, אין וועלכען זיי באַקלאָגען זיך אויף דער סאַניטאַריום פאַרוואַלטונג. אַ צווייטען בריעף האָבען זיי אויך ערהאַלטען פון פילאַדעלפיא, דורך וועלכען עס ווערט פאַרלאַנגט, אַז דער בריעף פון די פּאַציענטען זאָל געלעזען ווערען.

3) די קרעדענשעל קאָמיטע רעקאָמענדירט, אַז אַ באַריכט פון אַ קאָנווענשאַן קאָמיטע, וואָס ווערט באַריכטעט איינשטימיג, זאָלען די דעלעגאַטען בלויז קענען רעדען איינער פאַר און איינער נעגען. דער פאַרטרעטער פון דער קאָמיטע האָט אויך אַ רעכט אַלס אַ דריטער רעדנער זייער באַריכט צו פאַרטיידיגען.

אין פאַל דער באַריכט איז פון אַ מיאָריטעט און מינאָריטעט, זאָלען רעדען צו צוויי פאַר און נעגען, אויסער צו איינע פון יעדער טייל פון קאָמיטע.

וועגען ערשטען פּונקט באַקומט פריינד יוראַק אַ פּריוויליגיע צו מאַכען אַן ערקלערונג. זיין ערקלערונג לויטעט: אַז ווייענדיג פאַרנומען מיט אַ רענט סטרייק אין בראָנזוויל, האָט ער אָנגעפרעגט אין אָפיס אויב ער מעג קומען איינעגע טעג שפּעטער צו דער קאָנווענשאַן און פריינד באַסקין האָט געענטפערט, אַז ער מעג אפילו קומען צום לעצטען טאָג פון קאָנווענשאַן. די טעלעגראַמע, וואָס איז צו איהם געשיקט געוואָרען דיענסטאַג, האָט ער ניט ערהאַלטען, ווייל זי איז ניט געשיקט געוואָרען אויף דעם ריכטיגען אַדרעס. ער גלויבט דארום, אַז די רעקאָמענדיישאַן פון דער קרעדענשעל קאָמיטע איז ניט קיין גערעכטע.

פריינד באַסקין ערקלערט, אַז די אָנפראַגע און זיין ענטפער פון אָפיס איז ניט געווען קיין דירעקטע בנוגע צו דעלעגאַט יוראַק, נאָר אויף אַ פראַגע פון איינעם, האָט ער געענטפערט, אַז אַ דעלעגאַט קען קומען אפילו אין דעם לעצטען טאָג פון קאָנווענשאַן.

די רעקאָמענדיישאַן פון קרעדענשעל קאָמיטע ווערט אָנגענומען מיט 30 שטימען געגען 18.

אין באַצוג צום צווייטען פּונקט, שלאָגט פריינד פּערלאָוויץ פאָר, אַז די קאָנווענשאַן זאָל האַנדלען וועגען די צוויי בריעף. אַ פאָרשלאַג, אַז די דערמאָנטע בריעף זאָלען איבערגעגעבען ווערען צו דער קאָמיטע אַן אָפיסערס רעפּאָרטס ווערט אָנגענומען.

די רעזאָלוציאָנס קאָמיטע דורך איהר טשערמאַן, י. ראָטמאַן, און סעקרעטער באַקסט, באַריכטען, אַז פאָרלויפיג האָבען זיי אָנגענומען פאָלגענדע רעקאָמענדיישאָנס:

1) צו די דעלעגאַטען פון קאָנווענשאַן זאָל אויסגעצאָהלט ווערען פאַר 8 טעג, — איינגעשלאָסען די צייט פון פאָהרען, — צו 8 מיט אַ האַלב דאָלאַר אַ טאָג. די דעלעגאַטען בלייבען פאַראַנטוואָרטליך פאַר דער העכערונג אין די אויסגעצאָהלטע געלדער, אין פאַל דער רעפערענדום וועט דיעזען באַשלוס צוריקווייזען.

2) זיי רעקאָמענדירען צו באַוויליגען פאָלגענדע שטיצע: „ניו יאָרק קאָל", 1000 דאָל.; „נייע וועלט", 400 דאָל.; אידישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציע, 400 דאָלאַר; היברו אימיגראַנט סאָסייעטי, 500 דאָלאַר; לאָס אַנדזשעלעס סאַניטאַריום, 500 דאָלאַר; דענווער סאַניטאַריום, 500 דאָלאַר; „מעסענדזשער" (סאָצ. זשורנאַל פאַר ניגער אַרבייטער), 250 דאָלאַר; קראָפּאָטקין ליטעראַטור געזעלשאַפט, 50 דאָלאַר; דעניעל דעליאָן שריפטען, 50 דאָלאַר; נאַטוראַליזיישאַן ליעג, 100 דאָלאַר; שיקאַגאָ'ר סיגאַר סטרייק, 50 דאָלאַר; אַרבייטער רינג רעליעף אין דענווער, 500 דאָלאַר; אַרבייטער רינג רעליעף אין לאָס אַנדזשעלעס, 500 דאָלאַר; פאַר דעם הויז פון דער סאָציאַליס־ „ניו־יאָרק קאָל", 1000 דאָל.; נייע וועלט", 400 דאָל.; אידיטישער פּאַרטיי, 300 דאָל.; יוניייטעד שוה וואָירקערס סטרייק, 150 דאָל.; לאָרענסער סטרייקער, 250 דאָל.; „פרייע אַרבייטער שטימע", 200 דאָלאַר, און פאַר דעטראָיטער אָרגאַניזאַציאָנען און אַנשטאַלטען ווי פאָלגט:

בית יתומים, 150 דאָלאַר; מושב זקנים, 50 דאָלאַר; הכנסת אורחים, 25 דאָלאַר; לייבאָר לייסעאום, 1000 דאָלאַר; אָוקלאַנדער לייסעאום, 150 דאָלאַר; וואַדסוואָרטה סטרייקערס, 100 דאָלאַר; די אידישע ס. פּ. ברענטשעס, 50 דאָלאַר; די יאָנג פּיפּעלס סאָשעליסט ליעג, 25 דאָלאַר; אַרבייטער רינג כאָר, 50 דאָלאַר; אַרבייטער רינג אָרקעסטער, 75 דאָלאַר; קאָנווענשאַן אַראַנדזשמענט קאָמיטע, 50 דאָלאַר.

אַלעס ווערט אָנגענומען ווי רעקאָמענדירט, אויסער דעם פּונקט וועגען 300 דאָלאַר פאַר דעם הויז פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וועלכער ווערט אַמענדירט און איינשטימיג אָנגענומען, אַז אַנשטאַט 300 זאָל זיין 500 דאָלאַר.

דעלעגאַט איזידאָר קאָהען פון ניו יאָרק ווערט ערוועהלט אַלס טשערמאַן פון דער נעקסטער זיצונג און דעלעגאַט ראָזען פון דעטראָיט אַלס וויס־טשערמאַן.

---

## 7טע זיצונג

די 7טע זיצונג ווערט ערעפענט פרייטאָג, האַלב נאָך צוויי נאָכמיטאָג, אין לייבאָר לייסעאום, דעטראָיט.

**פריינד איוועַנסקי לעזט פאָר דעם פּראָטאָקאָל פון דער 5טער**

זיצונג. עס ווערען געמאכט אייניגע קאָרעקשאָנס, און די סעקרעטערע ווערען אינסטרואירט צו מאכען אייניגע אויסבעסערונגען אין דעם באריכט פון דער סאניטאריום קאָמיטע.

פריינד גרינשפּאַן באגריסט די קאָנווענשאן אין נאָמען פון קאָאָפּעראטיווען פארבאנד פון ניו יאָרק. ער צייגט אָן, אז דער ארב. רינג — אין גרונד גענומען — איז אויך א קאָאָפּעראטיווער אינשורענס אָרדען. ער אפּעלירט דארום נאָך שטיצע פאר דעם קאָאָפּעראטיווען זשורנאל, און ער בעט אויך די קאָנווענשאן צו אינדאָרסירען דעם געדאנק פון קאָאָפּעראציאָן.

דער אפּיעל ווערט איבערגעגעבען צו דער רעזאָלוציאָנס־קאָמיטע.

פריינד באקסט באריכטעט פאר דער רעזאָלוציאָנס קאָם.:

1) די קאָנווענשאן זאָל אויסקלייבען 2 פראטוירנאל דעלעגאטען צו דער לייבאָר ליעג קאָנווענשאן.

2) די שטיצע צום לאָס אנדזשעלעס סאניטאריום זאָל זיך אויך הייאָהר אויסדריקען אין דער סומע וואָס איז שוין באווילינט געוואָרען און אין א מאָראלישער אינדאָרסמענט.

ער מעלדעט אויך, אז אין דיעזער פראגע האָבען זיי א מינאָריטעט באריכט, וועלכער רעקאָמענדירט א טעקס פאר דעם לאָס אנדזשעלעס סאניטאריום פון איין סענט פער מעמבער יעדען קווארטאל.

פריינד סיימאָן פארטיידיגט דעם שטאנדפּונקט פון דער מינאָריטעט. ער צייגט אָן אויף דער טרויעריגער לאגע פון די לאָס אנדזשעלעס פּאציענטען. פריינד וואָלאָס רעדט געגען דיעזען טעקס, אָנצייגענדיג, דאָס דער ארב. רינג מיידט אויס טעקסעס און אויך דאָס דער לאָס אנדזשעלעס סאניטאריום וועט דערביי וועניג געווינען.

פריינד עפּשטיין מאכט אויפמערקזאם, אז די פראגע פון שטיצע — היינטיגס יאָהר — איז שוין באשלאָסען געוואָרען, און פאָלגליך קען מען הייאָהר די זעלבע פראגע מעהר ניט דיסקוטירען.

דער טשערמאָן ענטשיידעט, אז דיעזע פראגע איז נאָך דעם באשלוס פאר שטיצע שוין אויסער אָרדער.

דער סעקרעטער, פריינד י. באסקין, גיט אָפּ זיין יעהרליכען באריכט.

פריינד באסקין באדויערט וואָס איהם קומט אויס צו באריכטען שוין כמעט צו נעילה פון דער קאָנווענשאן, ווען די נערוועז פון די דעלעגאטען זיינען שוין א ביסעל אָנגעשטרענגט און זיי קענען ניט נאָכפאָלגען אויפמערקזאם אירגענד וועלכען באריכט. ער וועט דארום ניט מאטערען די דעלעגאטען מיט קיין טאבעלען, וועלכע זיינען שוין געדרוקט אין „פריינד“, נאָר ער וועט געבען אייניגע ערקלערונגען צו די טאבעלען, אייך וועגען די באציהונגען פון די פארוואלטענדע קאָמיטעס צו איהם און אייניגערמאכען וועגען זיין טעטיגקייט:

„דער וואוקס פון ארבייטער רינג — באריכטעט פריינד באסקין — איז איינע פון די מערקווירדיגסטע ערשיינונגען.

דער סטייט אודיטאָר, וועלכער האָט ניט לאנג אונטערזוכט די ביכער פון ארב. רינג, האָט געפונען דעם צושטאנד גלענצענד, און דער אודיטאָר מאכט אויך אין זיין קאלטען אָפיציעלען באריכט די באמערקונג, דאָס דער וואוקס פון ארב. רינג איז עטוואָס אויסערגעוועהנליכעס.

איהר ווייסט שוין, דאָס די וואליואיישאן פון ארב. רינג איז לויט אונזער געשוואָרענעם סטייטמענט פון עקטשוערי 102 מיט איין פינפטעל פּראָצענט. דאָס מיינט, אז אויף יעדען דאָלאר פון אונזערע פארפליכטונגען אויף איצט און אויף שפּעטער האָבען מיר א פארזיכערונג פון 102 מיט א פינפטעל פּראָמענט, ד. ה. מעהר ווי מיר פארפליכטען זיך צו צאָהלען אין דער ווייטער צוקונפט. מיט אזא ערפאָלג קען זיך ניט באריהמען קיין איין אידישער אָרדען.

פריינד באסקין שטעלט זיך ווייטער אָפּ אויף דעם ריעזיגען וואוקס פון פארמעגען אין ארבייטער רינג:

„מיט אייניגע יאָהר צוריק איז מען געווען ענטציקט, דאָס דער ארב. רינג האָט געהאט איין נעט פארמעגען פון א האלב מיליאָן דאָלאר און יעצט האָבען מיר אין אונזערע סייפס אמת'ע ערשטע־קלאסיגע ווערטה־פּאפּיערען מעהר ווי פאר $800,000.00, און צוזאמען מיט קעש און ריעל עסטייט פארמאָגען מיר מעהר ווי א מיליאָן דאָלאר, האָבענדיג בלויז א קליינע אונבאדייטענדע סומע אויסצוצאָהלען פאר בענעפיטס.“

פריינד באסקין פארגלייכט דעם ארבייטער רינג מיט געוויסע אנדערע אידישע אָרגאניזאציאָנען, וועלכע ביי א מעמבערשיפּ פון איבער 200,000 האָבען זעהן אָן אונבאדייטענדע סומע צו דעקען, ניט נאָר זייערע צוקינפטיגע צאָהלונגען, נאָר אויך אונבאדייטענד פאר זייערע שוין איצטיגע צאָהלונגען.

פריינד באסקין שטעלט זיך לענגער אָפּ וועגען אלע פאָנדס און ווייזט פאָלגענדען סך־הכל:

דער רעזערוו פאָנד, אָדער ווי פריינד באסקין רופט איהם, דער „קרן קימת“, איז פארגרעסערט געוואָרען אויף כמעט אכציג טויזענד דאָלאר.

דעם יאָהר, ווען צוליעב דער מגפה און מלחמה האָבען מיר געהאט פיעל טויטען־פארלוסטען, האָבען מיר דאָך פארגרעסערט אויך דעם טויטען־פאָנד און אריינגעגעבען א סוירפּלוס פון איבער 50,000 דאָלאר.

דער קראנקען בענעפיט פאָנד האָט היינטיגס יאָהר באזונדערס געליטען צוליעב דער מגפה, און מיר האָבען ניט גענוג קאָלעקטעט פאר די אויסגאבען. אָבער טראָץ דעם דעפיציט פון היינטיגען יאָהר שטעלט זיך נאָך אלץ אָפּ א סוירפּלוס אין קראנקען פאָנד אויף ווייטער.

דער קאָנסאָמפּשאָן פאָנד האָט דערוויל א סוירפּלוס פון $44,000.00.

מען האָט אפילו געהעכערט די קאָנסאָמפּשאָן צאָהלונגען צו 200 דאָלאר פער מעמבער, אָבער דאָך, גלויבט ער, אז דער פאָנד דארף א ביסעל רעאָרגאניזירט ווערען, ווייל דער קאָנסאָמפּשאָן פאָנד נויטיגט זיך ניט אין אזא סוירפּלוס.

פריינד באסקין גיט אויך קורצע איבערבליקען איבער עדיוקיישאָנאל און סאניטאריום פאָנדס, און דערמאָנט באזונדערס דעם קאָנווענשאָן פאָנד:

„דער קאָנווענשאָן פאָנד האָט א דעפיציט פאר די לעצטע עטליכע יאָהרען. צוזאמען מיט די דאָנעישאָנס, וועלכע די קאָנווענשאָן באווילינט, איז דער טעקס פון 7 סענט פער מעמבער אבסאָלוט ניט גענינענד.“ ער גלויבט דארום, אז דיעזער טעקס דארף פארגרעסערט ווערען.

פריינד באסקין רעדט אויך וועגען אָרגאניזאציאָנס פאָנד, וועלכער דארף פארגרעסערט ווערען און רעדט אין אלגעמיין וועגען די פארוואלטונגס־קאָסטען אין ארבייטער רינג.

„מען זאָגט, דאָס דער ארבייטער רינג ספּענדט פיעל געלד אויף אדמיניסטריישאָן. אין דער אמת'ן קאָסט אין ארב. רינג די פארוואלטונג פער מעמבער $1.38 א יאָהר. מען דארף דערצו ניט פארגעסען, אז דער א. ר. איז דער אייניציגער אידישער אָרדען, וועלכער צאָהלט קראנקען בענעפיט פון סענטראל אָפיס און האָט דערצו עדיוקיישאָנאל ארבייט און אָן אייגענעם מאָנאטליכען זשורנאל, וואָס קיין אנדער אָרדען האָט דאָס ניט. און טראָץ דעם, וואָס די טעטיגקייט פון אונזערע אָרדענס באשרענקט זיך בלויז אויף טויטען־בענעפיט, קאָסט די פארוואלטונג אין מאנכע אידישע אָרדענס $1.86 פער מעמבער.“

פריינד באסקין רעדט ווייטער וועגען דער טעטיגקייט אין אָפיס. ער באריכטעט וועגען די נייע טעכנישע אויסבעסערונגען, ווי דער וואוטשער טשעק אויסצוצאָהלען, וועלכער איז איינגעפיהרט געוואָרען לויט דער רעקאָמענדיישאן פון פריינד דייווידאָף, און וועגען די פיעלע ארבייט, וואָס איז געטאָן געוואָרען אין אָפיס.

פריינד באסקין ערקלערט אויך וועגען אייניגע פעלע, ווארום הייאָהר איז — בנוגע דעם — דער אָפיס ניט געווען אזוי פינקטליך.

ער ענדיגט זיין באריכט מיט דער באמערקונג, אז אלע פארוואלטענדע קאָמיטעען האָבען בייגעשטייערט צו דער האַרמאָנישער ארבייט. איך, אלס סעקרעטער, בין אויך חלילה פון קיינעם ניט געשטערט געוואָרען אין מיין ארבייט, נאָר פארקעהרט, אלע האָבען געהאָלפען און געטאָן וואָס ס'איז געווען נויטיג.

פריינד באסקין באדאנקט אלע מיטגליעדער פון ארב. רינג

און פארוואלטענדע קאמיטען פאר דעם צוטרויען, וואס מען האט איהם געשענקט אויך אין פארגאנגענעם יאהר.

עס ווערען דאן געשטעלט אינטערפעלאציאנען צו דער דזש. עקזעקוטיוו און צום סעקרעטער.

באסקין פון הארסאן קאונטי און פארמאן פון אלענטאן פרעגען וועגען מעהר איינצעלהייטען וועגען געוויסע פאנדס און וועגען געלדער, וועלכע זיינען ניט אויסגעצאהלט געווארען צו בנעפישערים.

פריינד שור, שיקאגא, פרעגט פאר וואס מען גיט מעהר אויפמערקזאמקייט צו ניו יארק, ווי צו אלע אנדערע שטערט, סיי אין ארגאניזאציאנס ארבייט, סיי אין אנדערע פראגען? ווי צ. ב. ש. די האספיטעלער, און פאר וואס פארנאכלעסיגט מען די יוניאנס? ער פרעגט אויך ווארום שיקט מען ניט ארויס קיין ענגלישע קאנסטיטושאן־ביכלאך פאר ענגליש שפרעכענדע מעמבערס?

סירענקא פון סט. לואיס פרעגט פאר מעהר אינפארמאציאן וועגען דער רעקאמענדיישאן פאר ספעציעלע ארגאנייזערס.

פריינד עפשטיין ענטפערט פאר דער דזשענעראל עקזעק.:

ער באמערקט, אז, ווי עס ווייזט אוים, איז די ארבייט פון דער דזשענ. עקז. געווען אזוי ערפאלגרייך, אז קיינע פראגען ווערען נים געשטעלט. איהם פערזענליך וואלט זיך בעסער געוואלט צו האבען פראגען, וועלכע וואלטען איהם איבערצייגט, דאס די מעמבערס אינטערעסירען זיך ווירקליך מיט די פראגען פון ארבייטער רינג.

ער ענטפערט דאן אויף דער פראגע וועגען דער ארבייט אין די יוניאנס:

„מיר טוען אונזער גאנצען חוב פאר די יוניאנס, די יוניאנס צאהלען אונז אבער אוים ניט מיט דער זעלבער מטבע.“ פריינד עפשטיין דערצעהלט, וואס פאר א ראלע די ארב. רינג ברענטשעס שפיעלען איבער׳ן לאנד פאר דער ארגאניזירונג פון יוניאנס, און פאדערט אויף דאס די טעטיגע יוניאן־פיהרער, וועלכע זיינען אויך מעמבערס פון ארב. רינג, זאלען די פראגע אויפנעהמען מיט מעהר ערנסט.

די נעשאנאל עקז. קאמיטע און אויך דער סעקרעטער ווערען באדאנקט פאר זייער ארבייט.

פריינד באסקין גיט איינינע ווייטערע ערקלערונגען וועגען די פראגען, וואס זיינען צו איהם געשטעלט געווארען.

די עלעקשאן קאמיטע, דורך איהר טשערמאן גאלד און סעקרעטער קאץ, באריכטען, אז זיי האבען נאכגעזעהן דעם רעזולטאט פון רעפערענדום פאר 1919—1920 און דער רעזולטאט איז ווי פאלגט:

| | נאמען | ברענטש | צאהל שטימען |
|---|---|---|---|
| 1. | א. עפשטיין | 1 | 5680 |
| 2. | ב. האפמאן | 275 | 5501 |
| 3. | י. ב. סאלוצקי | 24 | 5426 |
| 4. | י. ישורין | 200 | 5098 |
| 5. | ה. בורגין | 49 | 4721 |
| 6. | ר. גוסקין | 206 | 4700 |
| 7. | א. דינערשטיין | 99 | 4684 |
| 8. | ם. פערלאוויץ | 280 | 4223 |
| 9. | פ. וואלאם | 75 | 4212 |
| 10. | ל. ראטמאן | 195 | 4187 |
| 11. | פ. יודיטש | 75 | 3968 |
| 12. | איזידאר קאהן | 43 | 3870 |
| 13. | נ. פריימאן | 39 | 3611 |
| 14. | י. קלופט | 150 | 3597 |
| 15. | ב. קרינסקי | 231 | 3043 |
| 16. | ז. שפייער | 75 | 3021 |
| 17. | ל. ביילין | 99 | 2995 |
| 18. | ב. אלפערט | 23 | 2989 |
| 19. | א. עבעריל | 346 | 2925 |
| 20. | מ. פערלשטיין | 206 | 2812 |
| 21. | מ. העסקעל | 49 | 2732 |
| 22. | מ. הייפערלינג | 439 | 2699 |
| 23. | ס. יאקאבי | 93 | 2680 |
| 24. | דזש. אשעראוויץ | 500 | 2487 |
| 25. | ל. אלטמאן | 455 | 2434 |
| 26. | מ. אייבראמס | 43 | 2420 |
| 27. | דר. מ. ראזענבלאט | 539 | 2378 |
| 28. | ל. גאלינסקי | 146 | 2209 |
| 29. | ל. גארעליק | 206 | 1828 |
| 30. | ה. אראנסאן | 1 | 1793 |
| 31. | א. הערשקאוויץ | 38 | 1589 |
| 32. | ד. האלפערין | 36 | 1569 |
| 33. | ב. קראפקא | 235 | 1517 |
| 34. | ל. גינזבורג | 133 | 1347 |
| 35. | ל. אשענאווסקי | 367 | 1341 |
| 36. | מ. עהרליך | 42 | 1335 |
| 37. | מ. זייעץ | 64 | 1319 |
| 38. | וו. הערמאן | 233 | 1311 |
| 39. | דזש. ליפשיץ | 83 | 1285 |
| 40. | ע. לעווין | 352 | 1171 |
| 41. | מ. פרידמאן | 28 | 1135 |
| 42. | מ. גארפינקעל | 280 | 1095 |
| 43. | דזש. פארבער | 43 | 1039 |
| 44. | פ. סטילערמאן | 210 | 938 |
| 45. | דזש. מאלקין | 147 | 916 |
| 46. | מ. מינקאף | 150 | 771 |
| 47. | א. מעלמאן | 20 | 767 |
| 48. | פ. ראטשטיין | 4 | 724 |
| 49. | פ. העלער | 5 | 654 |
| 50. | א. בענימאף | 266 | 636 |
| 51. | ה. באזעל | 1 | 560 |
| 52. | ל. בערמאן | 560 | 546 |
| 53. | ה. מאלים | 225 | 503 |
| 54. | ב. לעווין | 201 | 477 |
| 55. | א. הענקען | 351 | 423 |
| 56. | מ. פילטינקאף | 351 | 367 |
| 57. | מ. ליפנער | 570 | 294 |
| 58. | ב. בעקער | 36 | 261 |
| 59. | צ. וויינבערג | 39 | 198 |
| 60. | מ. עלענסאן | 133 | 161 |

די ערשטע דרייסיג זיינען ערוועהלט.

די לינעל קאמיטע, דורך איהר טשערמאן דייווידאוו און סעקרעטער לעוויטאן, באריכטען פאלגענדע רעקאמענדיישאן:

די 19טע יעהרליכע קאנוועגשאן זאל ערוועהלען א ספעציעלע קאמיטע פון 5, וועלכע זאל באלד צוזאמען מיט דער עקזעקוטיווע טאן אלעס, וואס ס׳איז נויטיג און מעגליך, אויף צו לעגאליזירען מאסאטשוזעטס סטייט.

דר. סילווערבערג פון ניו יארק אמענדירט די רעקאמענדיישאן, אז די ספעציעלע קאמיטע זאל ערוועהלט ווערען פון דער נעקסטער עקזעקוטיווע.

פריינד עפשטיין רעדט גענען דער רעקאמענדיישאן פון דער לינעל קאמיטע. ער גלויבט, אז א ספעציעלע קאמיטע פון קאנוועגשאן וועט ניכער שאדען איידער העלפען וואס שנעלער צו לעגאליזירען מאסאטשוזעטס סטייט. ער איז זיכער, אז אויב די פראגע וועט איבערגעלאזען ווערען פאר דער עקזעקוטיווע, וועט די ארבייט געטאן ווערען מיט איבערגעבענהייט פאר א שנעלען ערפאלג.

פריינד פיינערמאן רעדט פאר דער רעקאמענדיישאן. ער דערמאנט, אז דיעזע פראגע איז שוין אן אנגעוועהטאגטע. פאר די לעצטע צעהן יאהר נעהט זי ניט ארונטער פון טאגעס־ארדנונג. ער גלויבט, אז די קאנוועגשאן דארף איינמאל פאר אלע מאל — דורך א ספעציעלער קאמיטע — געפינען א שנעלען ענטפער אויף דער פראגע.

פריינד יאנאס, פון לייבאר ליענ, ערקלערט, דאס איהם ארט ניט אין וואס פאר א פארם די קאמיטע זאל באשאפען ווערען. ער וויל אבער, אז עס זאל געטאן ווערען ארבייט.

מיט א מעהרהייט שטימען ווערט די רעקאמענדיישאן אנגענומען ווי אמענדירט.

די קאנוועגשאן קאמיטע, דורך איהר טשערמאן הייפערלינג און סעקרעטער מאלאט, באריכטעט:

1) די 20טע יעהרליכע קאנוועגשאן זאל זיין א קליינע.

2) די פארטרעטערשאפט צו דער קאנוועגשאן זאל זיין צו איין דעלעגאט פון יעדע 250, אדער 500, מיטגליעדער. די פראגע וועגען 250 אדער 500 זאל געשיקט ווערען צום רעפערענדום אפשטימונג.

3) די קאנוועגשאן זאל געהאלטען ווערען אין נוארק, ניו־דזשוירזי, אדער אין פילאדעלפיא, פענסילווייניא. די נעמען פון די צוויי שטעדט זאלען געשיקט ווערען צום רעפערענדום אפשטימונג.

פריינד סודאקאוו פון ניו יארק רעדט גענען דעם ערשטען פונקט. ער גלויבט, אז די 20טע יעהרליכע קאנוועגשאן דארף זיין א יובילעאום קאנוועגשאן און זאל דארום זיין א גרויסע.

פריינד הערמאן פון ניו יארק רעדט פאר דעם פונקט, ווי רעקאמענדירט. ער גלויבט, אז א גרויסע קאנוועגשאן איז שטענדיג ניט מעהר ווי א מאסמיטינג און איז פארבונדען מיט גרויסע אומזיסטע אויסגאבען — אפילו אויב דאס איז א 20 יעהרליכע קאנוועגשאן.

מיט א מעהרהייט שטימען ווערט דער פונקט אנגענומען.

דער צווייטער פונקט ווערט אמענדירט, אז די פארטרעטערשאפט צו דער 20טער קאנווענשאן זאל זיין די זעלבע וואס צו דער 19טער. און מיט א מעהרהייט שטימען ווערט דער אמענדמענט אנגענומען.

פריינד וואלאס אמענדירט דעם דריטען פונקט, אז צום רעפערענדום זאלען געשיקט ווערען די שטעדט ניו יארק, נ. י., און פילאדעלפיא, פא. ער דריקט אויס א מיינונג, אז א יובילעאום קאנווענשאן דארף בעסער געהאלטען ווערען אין א גרעסערער שטאדט ווי נוארק.

פריינד טייטעלמאן רעדט פאר דעם פונקט, ווי רעקאמענדירט, און ער ערקלערט דערביי, אז אויב די מיטגליעדער ווילען, אז די 20טע קאנווענשאן זאל געהאלטען ווערען אין א גרעסערער שטאדט ווי נוארק, וועלען זיי דאן קענען שטימען פאר פילאדעלפיא.

מיט א מעהרהייט שטימען ווערט אויך דער דריטער פונקט אנגענומען ווי רעקאמענדירט.

פריינד וויינבערג קריגט דאס ווארט פאר א פריווילעדזש פארשלאג. ער שלאגט פאר, אז אויב ביז די מאנאטען יאנואר אדער פעברואר, 1920, וועט מאסאטשוזעטס סטייט לעגאליזירט ווערען פאר דעם ארבייטער רינג, זאל די נאציאנאלע עקזעקוטיוו קאמיטע האבען דאס רעכט צו אראנזשירען די 20טע קאנווענשאן אין באסטאן, מאסס.

דער פארשלאג פון פריינד וויינבערג ווערט אנגענומען.

די עדיוקיישאנאל קאמיטע באריכטעט דורך איהר טשערמאן מ. פיינערמאן און סעקרעטער ר. זאלצמאן:

1) די 19טע יעהרליכע קאנווענשאן פון ארב. רינג באאויפטראגט די עדיוקיישאנאל קאמ. מעהר סיסטעמאטיש צו אראנזשירען לעקטשור טורס איבער'ן לאנד און ספעציעלע אויפמערקזאמקייט זאל געשאנקען ווערען צו די קאונטרי שטעדט.

2) די עדיוקיישאנאל קאמ. ווערט באאויפטראגט צו שטיצען די ליטערארישע דראמאטישע און מוזיקאלישע פאראיינען וועלכע ווערען ארגאניזירט פון ארב. רינג, און העלפען ארגאניזירען אזעלכע נייע פאראיינען.

3) די 19טע קאנווענשאן באשליסט, דאס די עד. קאמ. זאל פארטזעצען איהר ארבייט ארויסצוגעבען פאסענדע פאפולערע, וויסענשאפטליכע אויסגאבען פון ביכער.

די קאנווענשאן דריקט אויך אויס איהר צופריעדענהייט מיט דער ארבייט פון דער עד. קאמ. אויף דעם געביעט פון ארויסגעבען קינדער־ליטעראטור, און דריקט אויס איהר פארלאנג, דאס די עדיוקיישאנאל קאמ. זאל פארטזעצען איהר ארבייט אויף דיזען געביעט.

4) די 19טע יעהרליכע קאנווענשאן באאויפטראגט די עדיוקיישאנאל קאמ. צו ארגאניזירען אין אלע מעגליכע צענטערס פון לאנד, וואו נאר די עדיוקיישאנאל קאמ. וועט דאס געפינען פאר פאסענד און נויטיג, סיטי אדער דיסטריקט עדיוקיישאנאל קאמיטעס, וועמעס אויפגאבע זאל זיין צו העלפען דער עדיוקיישאנאל קאמ. אין איהר ארבייט. דער בודזשעט פאר עדיוקיישאנאל ארבייט פאר דעם יאהר 1920 זאל זיין 3 סענט א קווארטאל פאר יעדען מעמבער. אין פאל דער רעפערענדום באשטימט עס זאל בלייבען ווי לעצטען יאהר, זאל דער אפיס מאכען די נויטיגע אראנדזשמענטס צו קאלעקטען די פולע סומע פון 5 טויזענד דאלאר פאר'ן קומענדען יאהר און ביז דער זעלבער סומע פאר'ן פארגאנגענעם יאהר.

5 א) די עדיוקיישאנאל קאמ. ווערט באאויפטראגט אנצונעהמען אלע נויטיגע מיטלען און אנשטעלען אזוי פיעל אנגעשטעלטע וויפיעל עס איז נאר נויטיג, אז דער „פריינד“ זאל פינקטליך אנקומען צו יעדען מעמבער.

ב) דער „פריינד“ זאל שענקען מעהר אויפמערקזאמקייט צו די ארב. רינג שולען און אכוועניגסטענס איין מאל אין 3 מאנאטען זאל זיין אין „פריינד„ א ספעציעלע אפטיילונג געווידמעט די אינטערעסען פון די שולען.

6 א) נעהמענדיג אין אכט, אז עס איז אונבאדינגט נויטיג דאס אין אלע ארב. רינג שולען איבער'ן גאנצען לאנד זאל זיין אן איינהייטליכע פראגראם, סיי וואס אנבאלאנגט די למודים און סיי צו דער פארמע פון פארוואלטונג, באאויפטראגט די 19טע יעהרליכע קאנווענשאן די עדיוקיישאנאל קאמ., דאס אזוי שנעל ווי זי וועט דאס נאר געפינען פאר פאסענד, זאל גערופען ווערען א קאנפערענץ פון אלע עקזיסטירענע שולען און גרינדען אן ארבייטער רינג שולען פארבאנד.

ב) דער בודזשעט פאר די אידישע ארב. רינג שולען זאל פאר דעם יאהר 1920 זיין 5 סענט א קווארטאל פאר יעדען מעמבער. אויפ'ן רעפערענדום זאלען זיין די סומען 4 און 5 סענט. מיט דיזען בודזשעט זאלען זיך באנוצען: 1) צו ארגאניזירען נייע ארב. רינג שולען; 2) אונטערשטיצען די עקזיסטירענדע ארבייטער רינג שולען און ארגאניזירען קורסען צוצוגרייטען און אויסצובילדען פאסענדע לעהרער פאר די שולען און העלפען די שולען אזעלכע לעהרער צו באקומען.

ג) די קאנווענשאן באאויפטראגט אויך די עדיוקיישאנאל קאמ. אויסצונוצען די ארב. רינג שולען אלס אלגעמיינע בילדונגס־צענטרען.

אלע ערשטע 5 פונקטען ווערען דורך אפשטימונג און אהן דעבאטען אנגענומען.

געגען פונקט 6 רעדט פריינד נודעלמאן פון ניו יארק. ער איז מיט דער מיינונג, אז די ארבייטער רינג שולען זיינען אן ארט תלמוד־תורות, וועלכע דארפען אין ארבייטער רינג ניט געדולדעט ווערען. ער פראטעסטירט אויך געגען דעם וואס מען האט אין די שולען פון ניו יארק געפייערט מיט די קינדער חנוכה און פורים. ער גלויבט, אז דאס איז א וועג צו פארפלאנצען אין די מוחות פון די קינדער רעליגיעזע מנהגים.

פריינד צביון ענטפערט פריינד נודעלמאן'ען. ער באטאנט די עלעמענטארע באדייטונג פון דעם ווארט „תלמוד־תורה“ און ערקלערט דארום, אז פאר אזא ווארט דארף מען זיך בכלל ניט דערשרעקען. וואס אנבאלאנגט די באהויפטונג, אז אין די ארב. רינג שולען באקומען אויך די קינדער רעליגיעזע ערציהונג, פראטעסטירט ער געגען אזא סארט באהויפטונג און זאגט: אזא מנהג, ווי שלח־מנות שיקען, האט קיין רעליגיעזע באדייטונג, און חנוכה האט איבערהויפט מיט רעליגיאן קיין שייכות ניט. דאס זיינען אידישע פרייהייטס־ימים־טובים, און וועגען אזעלכע דארפען די קינדער וויסען. די קינדער אין אונזערע שולען ווערען ערצויגען אין א סאציאליסטישען גייסט. אויסער חנוכה און פורים, האט איהר אויך געמעגט זעהן ווי די קינדער אין די שולען האבען געפייערט דעם ערשטען מאי. פריינד צביון ווייזט אויך אייניגע ביישפיעלע, ווי דער סאציאליסטישער גייסט ווערט ענטוויקעלט צווישען די קינדער אין די שולען.

פריינד עפשטיין שלאגט פאר, אז עס זאל פארשטאנען ווערען, אז דער דערמאנטער פונקט וועגען די שולען, אויב אנגענומען, זאל אין זיך איינשליסען ניט נאר אידישע, נאר אויך ענגלישע ארבייטער רינג שולען — אויב אזעלכע וועלען זיך גרינדען און אויספאלגען דעם זעלבען פראגראם.

דיעזער פארשלאג צו זאמען מיט דעם ערשטען טייל פון 5טען פונקט — פאראגראף א פון עדיוקיישאנאל באריכט, ווערט אנגענומען. דער צווייטער טייל פון פונקט 5 צוזאמען מיט די וייטערע רעקאמענדיישאנס פון דער קאמיטע ווערען אפגעלייגט צו דער נעקסטער זיצונג.

פריינד בענענסאן פון שיקאגא ווערט ערוועהלט אלס טשערמאן פאר דער נעקסטער זיצונג. פריינד רובינסקי פון פיטסבורג ווערט ערוועהלט אלס וויים־טשערמאן.

---

## 8טע זיצונג

די 8טע זיצונג ווערט ערעפענט שבת, דעם 10טען מאי, 9:30 פריה, אין לייבאר לייסעאום, דעטראיט

פריינד יודיטש לעזט פאר דעם פראטאקאל פון דער 6טער זיצונג, וועלכער ווערט אנגענומען.

די סאניטאריום קאמיטע באריכטעט דורך איהר טשערמאן דר. סילווערבערג און סעקרעטער וואלבערג, ווי פאלגט:

1) פרויען פון מיטגליעדער און קינדער פון מיטגליעדער פון 16 ביז 20 יאהר זאלען ארייגענומען ווערען אין סאניטאריום און קענען זיין דארט אזוי לאנג ווי דער דורכשניטליכער מעמבער דארף זיין, נעמליך, 9 מאנאטען צייט.

2) וועגן זייערע צאָהלונגען צום סאַניטאַריום פאָנד זאָל איבערגעגעבען ווערען די רעכטע צו דער סאַניטאַריום קאָמיטע, און זיי זאָלען באַשטימען דעם פרייז, וויפיעל עס זאָל קאָסטען יעדע וואָך, די עקטשועל קאָסט פאַר מעמבער.

דיעזער פונקט ווערט אַמענדירט פון פריינד פערלאָוויץ:

צו רעכענען בלויז פאַר טייבעל און אַנדערע קליינע אויס־גאַבען, וועלכע דער פאַציענט קאָסט, אָבער ניט רעכענען פאַר אַדמיניסטריישאָן און בילדינג.

3) דער מאַן פון דער פאַציענטין אָדער דער ברענטש, צו וועלכען דער מאַן באַלאַנגט, מוז איינצאָהלען פאַר איהר פאַר 4 וואָכען אין פאָראויס, און דער ברענטש דאַרף אויך שריפטליך נאָטיפיצירען, אַז ער איז פאַראַנטוואָרטליך פאַר דער איבעריגער צייט וואָס דער באַצאָהלטער פאַציענטין וועט אויסקומען צו זיין אין סאַניטאַריום נאָכ'ן טערמין וואָס איז פאַר איהם אויסגעצאָהלט.

4) אויב דער ברענטש אָדער דער מאַן פון דער פרוי וויל, אַז זי זאָל ווייטער פאַרבלייבען אין סאַניטאַריום, דאַרף אַ נייע איינצאָהלונג געמאַכט ווערען מיט 8 טעג פריהער איידער עס ענדיגט זיך דער טערמין, פאַר וועלכען ס'איז איינגעצאָהלט געוואָרען.

5) אין פאַל אַ באַצאָהלטע פאַציענטין צייגט זיך ארויס צו זיין ניט פאַסענד פאַר אונזער סאַניטאַריום, דאַרף דער ברענטש זיך פאַרפליכטען זי ארויסצונעהמען צו יעדער צייט, ווען עס ווערט באַשטימט פון אונזערע דאָקטוירים צוזאַמען מיט דער סאַניטאַריום קאָמיטע.

6) די סאַניטאַריום קאָמיטע זאָל ווערען באַאויפטראַגט פון דער קאָנווענשאָן צו לאָזען וויסען די ברייטע מעמבערשיפ פון אַרבייטער רינג, אַז די מעמבערס פרויען זאָלען זיך אָנשליסען אָן אַרבייטער רינג אום צו זיין בארעכטיגט צו סאַניטאַריום טריטמענט.

7) יעדער פאַציענט וועט מוזען נאָכקומען די רולס און רעגולייש אָנס פון דער מעדיקאַל אַדווייזערי באָארד און דער סאַ־ניטאַריום קאָמיטע.

8) אַ פאַציענט האָט ניט קיינע רעכטע זיך צו מישען אין דער פאַרוואַלטונג פון סאַניטאַריום.

9) אַ פאַציענט האָט ניט קיין רעכט צו פאַרלאָזען דעם סאַניטאַריום אָהן דער צושטימונג פון די דאָקטוירים און סאַ־ניטאַריום קאָמיטע.

10) פאַר ניט אויספאָלגען דיעזע רולס און רעגוליישאָנס זאָל דער פאַציענט אויסגעשלאָסען ווערען פון סאַניטאַריום.

11) יעדער אויסגעשלאָסענער פאַציענט האָט דאָס רעכט צו אַפעלירען צו דער סאַניטאַריום קאָמיטע אָדער צו דער נאַציאָ־נאַלער עקזעקוטיווו, אָדער צו דער נייש אָנאַל באָארד אָף דירעק־טאָרען פאַר זיין רעאינסטייטמענט אין סאַניטאַריום. אין דער צייט אָבער ווען ער ווערט אויסגעשלאָסען און ער אַפעלירט מוז ער דעם סאַניטאַריום פאַרלאָזען.

דיעזער פונקט ווערט אַמענדירט פון פריינד זאַקס, אַז די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו קאָמיטע זאָל זיין די לעצטע אינסטאַנץ צו וועמען צו אַפעלירען, און איהר ענטשיידונג זאָל זיין בינדענד.

12) די 19טע קאָנווענשאָן פאַרלאַנגט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע, אַז זי זאָל זעהן, אַז דיעזע רולס און רעגוליישאָנס זאָלען אונבאַדינגט אויסגעפיהרט ווערען.

13) די 19טע קאָנווענשאָן באַאויפטראַגט די עקזעקוטיווע, אַז אַ בריעף זאָל ארויסגעשיקט ווערען צו אַלע ברענטשעס און אויפמערקזאַם מאַכען די מעמבערס פון אַרב רינג די רולס און רעגוליישאָנס פאַר דעם סאַניטאַריום.

14) די סאַניטאַריום קאָמיטע ווערט אינסטרואירט צו שטו־דירען פלענער וועגען וואָרק־שאַפּס פאַר די פאַציענטען אין סאַ־ניטאַריום און אריינברענגען אַ באַריכט צו דער נעקסטער קאָנ־ווענשאָן.

די פונקטען 1, 3, 4, 5, 6, 7, 8, 9, 10, 12, 13 און 14 ווערען איינשטימיג אָנגענומען. פונקט 2 ווערט אָנגענומען ווי אַמענדירט פון פריינד פערלאָוויץ, און פונקט 11 ווערט אָנגענומען ווי אַמענדירט פון פריינד זאַקס.

די בענעפיט קאָמיטע, דורך איהר טשערמאַן פערלשטיין און סעקרעטער קרינסקי, באַריכטען ווי פאָלגט:

1) פרויען מעמבערס זאָלען ניט זיין בארעכטיגט צו קיין קראַנקען בענעפיט, אויב די קראַנקהייט איז אַ דירעקטער רע־זולטאַט פון שוואַנגערשאַפט, מענסטרואיישאָן, ענטבינדונגען און זויגען אַ קינד.

2) די קאָנווענשאָן זאָל באַשטימען די סומע 5,000 דאָלאַר, וואָס זאָל פון דער נאַצ. עקז. איינגעטיילט ווערען צווישען פאַר־שיעדענע האָספּיטעלער אין די פאַרשיעדענע שטעדט אַלס יעהר־ליכע ביישטייערונג.

3) פינף פראָצענט פון דעם קראַנקען בענעפיט פאָנד זאָל אוועקגעלייגט ווערען אויף אַ ספּעציעלען קראַנקען בענעפיט „רעזערוו פאָנד“.

4) די נעקסטע בענעפיט קאָמיטע זאָל זיין פאַרפליכטעט אויסצואַרבייטען רעקאָמענדיישאָנס אין באַצוג צו העכערע קראַנ־קען־בענעפיט, געצאָהלט פון דזשענעראַל אָפיס.

5) די נעקסטע נאַצ. בענ. קאָמ. זאָל זיין פאַרפליכטעט צו העלפען איינפיהרען לאָקאַלע דיסטריקט דאָקטוירים אין שטעדט און דיסטריקטען וואו אַזאַ פאַרלאַנג וועט קומען.

6) צו העכערען די אינשורענס פאָליסים ביז טויזענד דאָ־לאַר און די געהעכערטע סומע זאָל געצאָהלט ווערען אויף פולע רייטס, לויט די איצטיגע יאָהרען פון דעם מיטגליעד. די איינטריטס־געלד זאָל זיין ניט מעהר ווי 4 דאָלאַר, אויב אפילו די אינשורענס פאָליסי איז אויף טויזענד דאָלאַר.

7) יעדער מעמבער וואָס העכערט זיין פאָליסי מוז האָבען אַ נייע מעדיקאַל און יורין עקזאַמינייש אָן.

דעזער פונקט ווערט אַמענדירט, אַז די נאַציאָנאַלע עקזע־קוטיווע זאָל האָבען דאָס רעכט צו באַשטימען ווען דיעזער פונקט זאָל אריין אין קראַפט.

8) אַלע מעמבערס פון קלאַס איינס, וועלכע זיינען אריין אין ארב. רינג איידער די פראַטוירנאַל רייטס איז אריין אין קראַפט אין דעם עלטער פון 34 יאָהר און העכער, זאָל זייער מאַקסימום רייט פאַר'ן טויטען־בענעפיט פאָנד זיין ניט מעהר ווי 1.75$ פאַר 400 דאָלאַר און דער באַלאַנס פון 4,609.84$ זאָל גוטגעמאַכט ווערען פון דעם איינס פראָצענט, וואָס די נייע מעמבערס צאָהלען איין ביי זייער אריינקומען אין ארב. רינג.

דיעזע אַלע פונקטען צוזאַמען מיט דעם אַמענדמענט צו פונקט 7 ווערען אָנגענומען.

די זעלבע קאָמיטע באַריכטעט אויך, אַז זיי האָבען אַ מאַ־יאָריטעט און מינאָריטעט באַריכט אין שייכות צו לאָקאַלע קראַנ־קען בענעפיט. אָבער דיעזע פראַגע ווערט געטייבעלט אָהן דע־באַטען.

גענ. סיימאָר סטעדמאַן באַגריסט די קאָנווענשאָן אין נאָמען פון דער קאָנפערענץ פאַר דער באַפרייאונג פון די פּאָלי־טישע אַרעסטירטע. ער באַמערקט אין אָנפאַנג פון זיין באַ־גריסונג, אַז איהם פרעהט זעהר, וואָס צו איהם איז געגעבען גע־וואָרען די געלעגענהייט צו רעדען צו די דעלעגאַטען פון קאָנווענ־שאָן פאַר די פּאָליטישע אַרעסטירטע:

„פּאָליטישע אַרעסטירטע אין אונזער לאַנד איז פאַר אונז אַ נייעס. מיר באַגעגענען דאָס דאָ צום ערשטען מאָל. מיר האָבען אויך פריהער געהערט וועגען פּאָליטישע אַרעסטירטע, אָבער דאָס זיינען געוועזען פּאָליטישע פון אַנדערע לענדער. אונזער לאַנד האָט מיט אַזעלכע סימפּאַטיזירט. מיר פלעגען זיך וואונ־דערען וועגען דער אַרט און ווייזע ווי זיי ווערען באַהאַנדעלט און באַשטראָפט, היינט באַהאַנדלען מיר אונזערע אייגענע גאָר מיט אַ גאַנץ אַנדער יושר ווי מיר האָבען זיך אַמאָל באַצויגען צו אַנדערע.

דער רעדנער ברענגט פאָר אַ רייהע ביישפּיעלע, ווי פיעלע ווערען ערקלערט אַלס פּאָליטישע פאַרברעכער, ווי זיי ווערען גע'משפט און פאַראורטיילט. ער באַריכטעט אויך די אַרט און ווייזע ווי עס איז צוגעגאַנגען דער משפט און די פאַראורטיילונג פון ראָוז סטאָוקס, יודזשין וו. דעבס, בערגער און אַנדערע. ער גלויבט, אַז עס איז נויטיג אַ שטאַרקע באַוועגונג פאַר דער באַ־פרייאונג פון אַלע פּאָליטישע אַרעסטירטע און ער האָפט, אַז אַזאַ באַוועגונג וועט געשאַפען ווערען. פון דעם 3טען ביז'ן

6טען דזשולאַי וועט אין שיקאַגאָ אָפּגעהאַלטען ווערען אַ קאָנווענשאָן פאַר דעם צוועק, און דער רעדנער דריקט אויס די האָפנונג, אַז דער ארב. רינג וועט שענקען זיין מאָראַלע און פינאַנציעלע שטיצע פאַר דער באַוועגונג.

עס ווערט ווידער אויפגענומען דער באַריכט פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע.

פריינד קלופּט רעדט געגען דעם צווייטען טייל פון פונקט 5. ער גלויבט, אַז אַ טעקס פון 4 אָדער 5 סענט וועט אריינברענגען אַ צו גרויסע סומע פאַר די שולען. די באַוועגונג פאַר די שולען איז נאָך אַ יונגע, און אַ סומע פון אַרום 5 טויזענד דאָלאַר וועט זיין גענוג, — נעהמענדיג אין אנבאַטראַכט, אַז דער בודזשעט פון דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע איז בלויז 4 טויזענד דאָלאַר.

פריינד זאַלצמאַן רעדט פאַר 4 אָדער 5 סענט. ער זאָגט: ווייל די באַוועגונג איז אַ יונגע נויטיגען מיר זיך אין אַ גרעסערען פאָנד צו אָרגאַניזירען און אויפהאַלטען די שולען.

פריינד וואָלאָס אַמענדירט דעם פונקט. ער שלאָגט פאָר, אַז צום רעפערענדום אָפּשטימונג זאָל געהן 3, 4 און 5 סענט.

די רעקאָמענדיישאָן פון דער קאָמיטע און דער אַמענדמענט ווערען געשטימט ביי אַ ראָל־קאָל, און מיט 68 שטימען געגען 47 ווערט דער פונקט אָנגענומען ווי רעקאָמענדירט פון דער קאָמיטע.

פריינד פיינערמאַן באַריכטעט ווייטער פאַר דער זעלבער קאָמיטע און ער ערקלערט:

עס איז צו אונז אריינגעקומען אַ פאָרשלאַג פון גענ. שלאָסבערג פון די אַמאַלגאַמייטעד, אַז דער ארב. רינג זאָל אויף דעם געביעט פון עדיוקיישאָנאַל ארבייט צוזאַמען מיט די יוניאָנס. אונזער קאָמיטע שטיצענדיג זיך אויף דער ערפאַהרונג פון לעצטען יאָהר אויף דיעזען געביעט, רעקאָמענדירט, אַז די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע זאָל האָבען דאָס רעכט זיך צו שטעלען אין פאַרבינדונג מיט די אנדערע אָפּטיילונגען פון דער אידישער ארבייטער־באַוועגונג פאַר געמיינשאַפטליכער ארבייט, ווען די אונטערנעהמונג איז פון אַזאַ כאַראַקטער, וואו עס פאָדערט זיך די געמיינשאַפטליכע ארבייט.

דיעזע רעקאָמענדיישאָן ווערט אויך אָנגענומען.

פריינד באַקסט, סעקרעטער פון דער רעזאָלוציאָנס קאָמ., רעקאָמענדירט צו שטיצען די פּאָליטיקאַל דעפענס יוניאָן מיט 300 דאָלאַר און די דעטראָיטער חסד של אמת מיט 25 דאָלאַר.

די רעקאָמענדיישאָנס ווערען אָנגענומען.

פריינד יודיטש לעזט פאָר די פאָלגענדע רעזאָלוציעס, וואָס ווערען רעקאָמענדירט פון דער רעזאָלוציאָנס קאָמיטע:

## וועגען נעטשוראַליזיישאַן

די נײַנצעהנטע יעהרליכע קאָנווענשאָן פון אַרבייטער רינג, געהאַלטען אין דעטראָיט, דריקט אויס איהר וואונש, אַז די מעמבערס פון אַרבייטער רינג, וועלכע זיינען איינוואוינער פון די פאַראייניגטע שטאַאַטען פון אַמעריקא און קענעדע, זאָלען נאַטוראַליזירט ווערען אַלס בירגער פון די אויבען־דערמאָנטע לענדער.

די קאָנווענשאָן פאָדערט אויך אויף די ברענטשעס פון אַרבייטער רינג צו וועקען דעם אינטערעס פון דער מיטגליעדערשאַפט צו ווערען בירגער און דאָס די ברענטשעס זאָלען שטיצען פינאַנציעל און מאָראַליש די עקזיסטירענדע נאַטשוראַליזיישאַן אייד ליעגס איבער׳ן גאַנצען לאַנד.

## וועגען דער פּרעסע

אין אנבאַטראַכט דאָס דער „פאָרווערטס", ניו יאָרק „קאָל", „פרייע אַרבייטער שטימע", „צוקונפט", „נייע וועלט", אינטערנאַציאָנאַל", „גערעכטיגקייט", „פאָרטשריט", „קאָאָפּעראַטיווע וועלט" האָבען טריי פאַרטיידיגט די פּרינציפּען פון אינטערנאַציאָנאַלער אַרבייטער סאָלידאַריטעט, ווי אויך די פּרינציפּען און געדאַנקען פון אַ. ר.

באַשליסט די 19טע קאָנווענשאָן פון אַ. ר. אויסצודריקען אַ דאַנק צו די אויבענדערמאָנטע אויסגאַבען און זיי ווערען אויך אנערקענט אַלס אָפיציעלע צייטונגען פון אַ. ר.

די קאָנווענשאָן דריקט אויס אַ ספּעציעלען דאַנק צום „פאָרווערטס" פאַר דעם פּלאַץ צווישען זיינע קאָלומס, וואָס דער „פאָרווערטס" האָט געגעבען אויך דיעזען יאָהר צו דעם אַ. ר. און האָט מיטגעהאָלפען דעם גרויסען וואוקס.

## וועגען קאָאָפּעראַטיוון

נעהמענדיג אין אנבאַטראַכט, אַז דער אַרבייטער רינג האָט שטענדיג געשטיצט די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג אַלס איינעם פון די מיטלען וואָס וועלען העלפען באַפרייען דעם אַרבייטער־קלאַס פון קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע;

נעהמענדיג אויך אין אנבאַטראַכט, אַז די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג האָט זיך לעצטענס פאַנאַנדערגעוואַקסען און מאַכט אַ ריעזיגען פאָרטשריט אומעטום,

זיי עס באַשלאָסען פון דער 19טער יעהרליכער קאָנווענשאָן פון אַרבייטער רינג, אַז אַלע ברענטשעס פון אַרבייטער רינג און אַלע זיינע צענטראַלע קערפּערשאַפטען זאָלען זיין אויפגעפאָדערט צו שטיצען מיט אַלעם וואָס נויטיג איז אַלע קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעהמונגען.

## וועגען דיסטריקט דאָקטוירים

אין אנבאַטראַכט, אַז די מעדיצינישע באַהאַנדלונג אין די גרויסע שטעדט, וואו די ברענטשעס פאַרזאָרגען די מעמבערס מיט דאָקטוירים, צייגט זיך אַרויס ניט צופריעדענשטעלענד;

אין אנבאַטראַכט, אַז אין דער לעצטער מגפה האָט זיך קלאָר אַרויסגעוויזען, אַז דער סיסטעם פון יעדען ברענטש באַזונדער אָנצושטעלען אַ דאָקטאָר האָט געבראַכט ליידען אין די הייזער פון אונזערע מעמבערס צוליעב דעם, וואָס די דאָקטוירים האָבען די ברענטש מיטגליעדער ניט געגעבען די צייטיגע מעדיצינישע הילף,

באַשליסט די 19טע קאָנווענשאָן צו רעקאָמענדירען צו אַלע גרויסע שטעדט און טעריטאָריעס, וואו עס איז דאָ אַ מעגליכקייט, אַז די אָרטיגע ברענטשעס זאָלען זיך פאַראייניגען און גרינדען מעדיקאַל דיסטריקט דאָקטוירים, כדי צו געבען דעם מיטגליעד פון אַ. ר., וועגען ער נויטיגט זיך אין מעדיצינישע הילף פאַר איהם און זיין פאַמיליע, אַ פּינקטליכערע און בעסערע מעדיצינישע באַהאַנדלונג.

## וועגען דער ניו יאָרק „קאָל"

נעהמענדיג אין אנבאַטראַכט, אַז די אַרבייטער־מאַסען אין דיעזען מאָמענט, מעהר ווי אין אַנדערע צייטען, נויטיגען זיך אין אַן ענגלישער פּרעסע, וועלכע זאָל פאַרטרעטען די אַרבייטער־מאַסען אין דער יעצטיגער אויסערגעוועהנליכער צייט;

אין אנבאַטראַכט, אַז די ניו־יאָרק „קאָל" האָט מוטיג און אונערשראָקען פאַרטיידיגט די אַרבייטער־אינטערעסען אין יעדער הינזיכט,

באַשליסט די 19טע קאָנווענשאָן פון אַרב. רינג אויפצופאָדערען אַלע אונזערע ברענטשעס צו העלפען דער „קאָל" מאָראַליש און פינאַנציעל, כדי אַז דיעזע צייטונג זאָל ווייטער קענען פאָרזעצען איהר קאַמף פאַר דער אַרבייטער־באַוועגונג.

## וועגען טאָם מוני

די 19טע קאָנווענשאָן פון אַ. ר. ווידערהאָלט נאָך אַמאָל, און דעם מאָל נאָך שטאַרקער ווי ווען עס איז פריהער, אַז מוני איז אַ קרבן פון אַ קאָנספּיראַציע פון דעם אָרגאַניזירטען קאַפּיטאַל פון קאַליפאָרניא און עס ליעגט אַ הייליגער חוב אויף דעם אָרגאַניזירטען אַרבייטער־קלאַס פון אַמעריקא אַרויסצורייסען איהם פון די בלוטיגע נעגעל פון דער זאָגענאַנטער גערעכטיגקייט, וואָס הערשט יעצט אין קאַליפאָרניא. מיר וועלען ניט אָפּשטעהן פון דעם נייעם קאַמף, וואָס די אָרגאַניזירטע אַרבייטערשאַפט געהט יעצט אויפנעהמען פאַר מוני׳ס באַפרייאונג, אויפפאָדערענדיג אַלע אונזערע ברענטשעס איבער׳ן לאַנד אַנצושליסען זיך אָן דיעזען קאַמף.

## וועגען די „נייע וועלט"

נעהמענדיג אין אנבאַטראַכט די וויכטיגקייט פון דער „נייער וועלט", דער אָפיציעלער אָרגאַן פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע, פאַר דער גאַנצער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג, באַשליסט די 19טע יעהרליכע קאָנווענשאַן צו שטיצען דעם „נייע וועלט" פאָנד און פאָדערט אויף אַלע אַרבייטער רינג ברענטשעס נאָכצופאָלגען און שטיצען דעם זעלבען פאָנד מיט אַלע מעגליכקייטען.

## וועגען דעבס און אַלע פּאָליטישע אַרעסטירטע

די 19טע יעהרליכע קאָנווענשאָן פון אַרבייטער רינג אונטערשטרייכט נאָך אַמאָל ביי דיעזער געלעגענהייט דעם פאַקט, אַז כל זמן די קאָנסטיטוציאָנעלע גאַראַנטיען, וואָס זיינען אינקאָרפּאָרירט געוואָרען אין דער אַמעריקאַנער קאָנסטיטושאַן, וועלען ניט אונטערשטיצט ווערען פון אַ שטאַרקער פאַראייניגטער מאַכט פון די אַרבייטער, אויף׳ן פּאָליטישען, עקאָנאָמישען און קולטורעלען געביעט, קען שטענדיג ערוואַרטעט ווערען, אַז יעדער מוטיגער קעמפער פאַר אמת׳ע דעמאָקראַטיע זאָל אַריינגעוואָרפען ווערען ווי אַ געמיינער פאַרברעכער אין תפיסה, ספּעציעל אין דיעזען פאַל ווי מיט אונזער באַליעבטען און טייערען יודזשין וו. דעבס, וואָס איז פאַר׳משפט געוואָרען אויף 10 יאָהר אין אַ קאַטאָרזשנער טורמע, — וואָס דאָס מיינט פאַר אַזאַ עלטערען מענשען לעבענסלענגליכע געפענגנים, — פּראָטעסטירען מיר אַזוי העפטיג ווי נור מעגליך און מיר פאַרפליכטען זיך צו טאָן אַלץ וואָס איז אין אונזערע כחות, אַז עס זאָלען אויפגעמאַכט ווערען די אייזערנע טירען ניט נור פון אונזער דעבס׳עס תפיסה, נאָר אויך פון אַלע די, וועלכע געפינען זיך אונטער אייזערנע גראַטעס צוליעב זייערע עהרליכע איבערצייגונגען און פאַר זייער איבערגעבענער דיענסט צום אַרבייטער־קלאַס.

## וועגען דער ארויסשיקונג פון ארבייטער־פיהרער

די 19טע יעהרליכע קאנווענשאן פון א. ר. באטראכט די ארויסשיקונג פון ארבייטער אגיטאטארען, וואס ווערט לעצטענס אזוי אפט פראקטיצירט פון דער יעצטיגער „דעמאקראטישער“ רעגיערונג, אלס איינע פון א רייהע פארראטען, וואס איז באגאנגען געווארען אין דער לעצטער צייט געגען דער אמעריקאנער קאנסטיטוציע און די בעסטע טראדיציעס פון דיזער רעפובליק.

אנהאלטענדיג אונזער פראטעסט געגען אלע גוואלטאטען, וואס ווערען יעצט באגאנגען געגען פאלק, פארפליכטען מיר זיך מיטצוהעלפען אלע ראדיקאלע עלעמענטען אין דיזען לאנד, וואס ארבייטען נים נור צוריק צו געבען דעם אמעריקאנעם פאלק זיינע אוועקגערויבטע פרייהייטען, נאר אויך פאר א ווידערגעבורט פון דער נאציאן און פאר דער איבערבויאונג פון איהרע אינדוסטריעלע יסודות, ווי עס פאסט פאר אן אמת'ער דעמאקראטיע.

## וועגען דער גזרה געגען פרעמד־שפרעכענדע מיטינגען

די 19טע יעהרליכע קאנווענשאן פון א. ר. באטראכט די גזרה געגען די „פרעמדע“ שפראכען פון די מיליאנען מאסען איינגעוואנדערטע ארבייטער פאר א געמיינעם פארזוך פון קאפיטאל צו פארדעקען מיט דעם מאנטעל פון די אייגעננוציגע עקספלואטאטארישע אפעטיטען, צו האלטען דעם ארבייטער־קלאס פאריאכט, צוטיילט און אונארגאניזירט.

מיר פאדערען אויף אלע אונזערע ברענטשעס אנצושליסען זיך אן יעדער באוועגונג, וואס וועט אויפנעהמען דעם קאמף געגען די רדיפות אויף די פארשידענע שפראכען, געגען אלע פארזוכען אפצונעמען דאס רעכט אויף פארזאמלונג און די פרייהייט צו רעדען אויף יעדער שפראך.

## וועגען דער גזרה געגען דער רויטער פאהן

די 19טע יעהרליכע קאנווענשאן פון ארבייטער רינג פראטעסטירט העפטיג געגען דעם בארבארישען פארבאט צו נוצען אין עפענטליכע ארויסטרעטונגען די רויטע פאהן — דעם סימבאל פון פרייהייט אין אלע צייטען. טראץ דיעזע פארפאלגונגען און ערנידערונגען, דריקען מיר אויס אונזער אונבאגרענצטע טריהייט צו דער רויטער פאהן — צו די פרינציפען פון פרייהייט און גערעכטיגקייט, וועלכע זי דריקט אויס. —

## וועגען די קלאוקמייקערס יוניאן

אנערקענענדיג די גערעכטיגקייט פון די פאדערונגען, וואס די קלאוקמייקערס יוניאן פון ניו יארק האט ארויסגעשטעלט צו די בעלי־בתים, ערקלערט זיך די 19טע יעהרליכע קאנווענשאן פון ארב. רינג אין דעטראיט פארטיג מיטצוהעלפען, מיט אלעם וואס ס'איז נאר מעגליך, אז דער קומענדער גענעראל סטרייק, איבער וועלכען די קלאוקמאכער פון ניו יארק האלטען יעצט אין אפשטימען, זאל זיך שנעל ענדיגען זיעגרייך פאר דער יוניאן.

די קאנווענשאן פאדערט אויף אלע ברענטשעס פון די נאהענטע און ווייטערע שטעדט, זיי זאלען ענערגיש מיטהעלפען דער יוניאן צו באקעמפען די סקעב־נעסטען, וועלכע די בעלי־בתים וועלען פרובירען אויפעפענען אין די ארומיגע שטעדט.

## וועגען די פאגראמען אין פוילען

אין אנבאטראכט, דאס די לעצטע נאכריכטען פון פוילען, גאליציען, רומעניען, פאלעסטינא און טערקיי האבען אויפגעדעקט די אונמענשליכע אומשטענדען, אונטער וועלכע אונזערע ברידער זיינען געצוואונגען צו לעבען, און די אונמענשליכע גרוילטאטען, וועלכע ווערען געגען זיי באגאנגען — ספעציעל אין פוילען, וואו די פאגראמען ווערען אויפגעהעצט און דורכגעפיהרט פון דער פוילישער רעגיערונג;

אין אנבאטראכט, דאס דער וואפען־שטילשטאנד האט ניט נאר פעהלט צו פארבעסערען זייער לאגע, נאר האט נאך צוגעגעבען צו די גרוילקייטען פון הונגער, קראנקהייט און טויט, די געמיינע אונמענשליכע, ווילדע און קרימינאלע מגפה פון שחיטות און פאגראמען;

אין אנבאטראכט, דאס געוויסע באהאלטענע, פינסטערע עלעמענטען וכען צו פארשטיקען און פארבארגען די וועה־געשרייען פון די קרבנות פון דיעזע ברוטאלע טאטען צוליעב געמיינע אימפעריאליסטישע צוועקען,

זיי עס באשלאסען, דאס דער ארבייטער רינג, דורך זיינע פארזאמעלטע ביי דער 19טער יעהרליכער קאנווענשאן, פראטעסטירט געגען דיעזע אונמענשליכע טאטען.

מיר אפעלירען צו אלע רעכטדענקענדע מענשען אויפצונעהמען דיעזען פראטעסט און מאן אלעס מעגליכעס אפצושטעלען דיעזע שוידערליכקייטען.

## וועגען אימיגראציאן

די 19טע יעהרליכע קאנווענשאן פון א. ר. באטראכט די אינטערנאציאנאלע ארבייטער־לאגע, וואס איז געשאפען געווארען צוליעב דער וועלט־מלחמה, פאר אויסערגעוועהנליך וויכטיג, אז א פאלשטענדיגע פרייע באוועגונג פון ארבייטער פון איין לאנד אין די צווייטע זאל ניט נאר אנגעהאלטען ווערען, נאר פארברייטערט ווערען צו אזא שטופע, וואו יעדער מענש זאל קענען פארלאזען און אריינקומען אין יעדעס לאנד צו יעדער צייט. מיר פראטעסטירען ענערגיש געגען אלע געזעצען, וואס באצוועקען די פארשפארונג פון די טויערען פון אמעריקא פאר איינוואנדערער.

## וועגען די היברו אימיגראנט אייד סאסייעטי

אין אנבאטראכט, אז עס איז נויטיג צו האבען א שטארקע קערפערשאפט, וועלכע זאל פארטיידיגען איינוואנדערונג בכלל און אידישע איינוואנדערונג בפרט; אין אנבאטראכט, אז די איינוואנדערונגס־טעטיגקייט, איז צו ערווארטען, זאל זיין נויטיג א ברייטערע ווי ווען עס איז פריהער, און־אין אנבאטראכט, אז דיעזע ארבייט ווערט אנגעפיהרט פון דער היברו אימיגראנט אייד סאסייעטי, וועלכע טוט די ארבייט צופריעדענשטעלענד, ווי דאס האט זיך ארויסגעציינט אין די לעצטע פאר יאהר מיט דער טעטיגקייט אין יאפאן און אין סיביר — זיי עס באשלאסען, אז די 19טע קאנווענשאן פון ארבייטער רינג אינדארסירט די ארבייט פון דער „היברו אימיגראנט אייד סאסייעטי“ און דריקט אויס א פארלאנג, אז אלע ברענטשעס זאלען שטיצען דיעזע קערפערשאפט מאראליש און פינאנציעל.

## וועגען יוניאן־ארבייט

די 19טע יעהרליכע קאנווענשאן פון ארבייטער רינג באשליסט אויפצופאדערען אלע מיטגליעדער פון ארבייטער רינג, אז זיי זאלען קויפען פראדוקטען און ארטיקלען, וועלכע זיינען געמאכט געווארען פון יוניאן ארבייטער און אונטער יוניאן באדינגונגען.

## וועגען רעליעף

די 19טע יעהרליכע קאנווענשאן פון א. ר. פארפליכטעט זיך אויך אויף ווייטער צו געהן האנד אין האנד מיט דער פיפעלס רעליעף קאמיטע אין דער הייליגער ארבייט פון שפייזען די הונגעריגע טויזענדער אין די חרוב־געווארענע לענדער, ווי אויך אויפצובויען די צושטערטע היימען פון די צופאגראמירטע און פארטריבענע אידען.

מיר פאדערען אויף אלע ברענטשעס נאך מיט מעהר ליעבע און טריהייט אנצוהאלטען די רעליעף ארבייט און נעמען זיך פאר א מוסטער דעם גלענצענדען רעקארד, וואס די ווירדזשיניער ברענטשעס פון א. ר. האבען געמאכט אין דיעזער הייליגער ארבייט.

## א דאנק צו דער אראנדזשמענט קאמיטע

די 19טע יעהרליכע קאנווענשאן פון א. ר. דריקט אויס איהר הערצליכסטען דאנק צו דער אראנדזשמענט קאם. פון דער דעטראיטער קאנווענשאן, ווי אויך צו אלע מעמבערס פון א. ר. אין דעטראיט, פאר זייער שווערע, אונערמיעדליכער און דאנקבארער ארבייט צו מאכען די קאנווענשאן אזוי איינדרוקספול און ערפאלגרייך, ווי נאר מעגליך, און פאר זייער זארגפעלטיגער אויפמערקזאמקייט און באקוועמליכע איינריכטונגען פאר די דעלעגאטען צו זייער פאלשטענדיגער צופריעדענהייט.

די ארגאניזאציאנס קאמיטע, דורך איהר טשערמאן גערשאנאוו און סעקרעטער פאראלסקי, באריכטען פאלגענדע רעקאמענדיישאנס:

1) די נאציאנאלע עקזעקוטיוו קאמיטע זאל אנשטעלען א באצאהלטען ארגאנייזער פון צייט צו צייט און ער זאל ארבייטען אונטער דער אויפזיכט פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיווע, און עס איז דער וואונש פון דער 19טער יעהרליכער קאנווענשאן, אז דיעזע רעקאמענדיישאן זאל דורכגעפיהרט ווערען אין לעבען.

בנוגע דיעזען פונקט איז אויך דא א מינאריטעט באריכט, וועלכער ווערט פארטיידיגט פון פריינד נעבאוויץ. ער רעקאמענדירט, אז די נאציאנאלע עקזעקוטיווע זאל אנשטעלען ארגאנייזערס פאר א גאנץ יאהר.

פריינד וואלאס פארטיידיגט די רעקאמענדיישאן פון דער מאיאריטעט, אז די נאציאנאלע עקזעקוטיווע זאל אנשטעלען ארגאנייזערס בלויז פון צייט צו צייט.

מיט 41 שטימען געגען 19 ווערט די רעקאמענדיישאן פון דער מאיאריטעט אנגענומען.

2) דער פאנד פאר דער ארגאניזאציאנס קאמיטע זאל געשאפען ווערען דורך א טעקס, און צום רעפערענדום זאל געשיקט ווערען 4 סענט און 5 סענט.

3) סיטי און דיסטריקט קאמיטעען זאלען ארגאניזירט ווערען ווי לעצטען יאהר און זאלען שטעהן אונטער דער אויפזיכט פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיווע.

4) די נאציאנאלע ארגאניזאציאנס קאמיטע זאל אויך דיעזען יאהר האבען א מעמבערשיפ קאמפיין. די צייט און אלע איינצעלהייטען זאל די עקזעקוטיווע אויסארבייטען.

אלע פונקטען פון באריכט ווערען אנגענומען.

די קאמיטע אן אפיסערס רעפארטס, דורך זייער טשערמאן

קורהאַן און סעקרעטער קלופּט, רעקאָמענדירען פאָלגענדע רעזאָלוציע:

מיר, די דעלעגאַטען פון דער 19טער יעהרליכער קאָנוועגשאָן פון אַ. ר., דריקען אויס אונזער צופריעדענהייט מיט דער ארבייט וואָס איז געטאָן געוואָרען פון אונזערע פּאַרוואַלטער לעצטען יאָהר, און מיר באַדאַנקען זיי פאַר זייער טרײַיער איבערגעבענהייט צו די פּרינציפּען און אינטערעסען פון אונזער אָרגאַניזאַציאָן.

מיר הייסען גוט די האַנדלונג פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע אין די אַלע פּאַסירונגען פון לעצטען יאָהר און מיר דריקען אויס אונזער צופריעדענהייט מיט דער שטעלונג וואָס זיי האָבען גענומען, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס מאַנכע פּאַציענטען און אַ ברענטש פון אַ. ר. האָבען געטרייעט דאָס בעסטע זיי צו דיסקרעדיטירען.

די רעזאָלוציאָן ווערט אָנגענומען פון אַלע דעלעגאַטען דורך אויפשטעהן פון זייערע פּלעצער.

די פּאַרוואַלטונגס קאָמיטע, דורך איהר טשערמאַן שפּייער און סעקרעטער באַק, באַריכטען פאָלגענדע רעקאָמענדיישאָנס:

1) אַרטיקעל 15, פּונקט 1, פון דער קאָנסטיטושאַן זאָל זיך לעזען ווי פאָלגט:

דער ארבייטער רינג ווערט פּאַרוואַלטעט פון אַ דזשענעראַל עקזעקוטיוו קאָמיטע, באַשטעהענד פון 20 מיטגליעדער, מעמבערס פון ברענטשעס פון גרייטער ניו יאָרק און אומגעגענד, וואו די רייזע־קאָסטען באַטרעפען ניט מעהר ווי 50 סענט אהין און צוריק.

בנוגע דיעזען פּונקט איז אויך דאָ אַ באַריכט פון אַ מינאָריטעט, וועלכע רעקאָמענדירט אַז:

די פּאַרוואַלטונג זאָל בלייבען ווי געווען, מיט דער ענדערונג, אַז זיי זאָלען ניט ערוועהלט ווערען אלס גאַנצע, נאָר עס זאָלען ערוועהלט ווערען 6 באַזונדערע קאָמיטעס, און זיי זאָלען צוזאַמען בילדען די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו קאָמיטע.

2) די עקזעקוטיווע טיילט זיך איין אין אַזוי פיעל סאַבקאָמיטעס, וויפיעל זי וועט געפינען פאַר נויטיג.

דאָס איז אויך רעקאָמענדירט פון אַ מאַיאָריטעט.

די מינאָריטעט רעקאָמענדירט אַז:

די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו קאָמיטע טיילט זיך איין אין די פאָלגענדע קאָמיטעס: אָפיס, אָרגאַניזיישאַן, סאַניטאַריום און נאָך קאָמיטעס, וועלכע זי וועט געפינען פאַר נויטיג. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע זאָל ווערען אַ באַזונדער סטענדינג קאָמיטע און זאָל ניט זיין פאַרבונדען אלס אַ טייל פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע.

3) אַ ספּעציעלע קאָמיטע פון 5 זאָל ערוועהלט ווערען אויף דעם זעלבען אַרט, ווי די עקזעקוטיוו קאָמיטע, וועלכע זאָל פיגורירען אלס די דזשענעראַל גריוועגס קאָמיטע, אויפצונעהמען אַלע קייסעס פון קלאַגען און אַפּיעלס פון מעמבערס אָדער ברענטשעס געגען אַנדערע מעמבערס, ברענטשעס אָדער דער דזשענעראַל עקזעקוטיווע, לויט די געזעצען פון אונזער קאָנסטיטושאַן, און געגען זייער ענטשיידונג קען אַפּעלירט ווערען צו דער נעשאָנאַל באָארד אוו דירעקטאָרס.

4) די עקזעקוטיווע זאָל צו דער קאָנוועגשאָן זיין פאַרטראָטען דורך איין דעלעגאַט פון איהר יעדער קאָמיטע, אויסער דעם טשערמאַן און סעקרעטער.

5) עקזעקוטיוו פּאַרוואַלטער זאָלען ניט קענען זיין אין דער פּאַרוואַלטונג מעהר ווי 3 יאָהר נאָכאַנאַנד. נאָכדעם ווי אַ פּאַרוואַלטער איז געווען אַ יאָהר אויסער דער פּאַרוואַלטונג, קען ער ווידער נאָמינירט ווערען אלס מיטגליעד פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע.

6) באַריכטען פון אַלע קאָמיטעען זאָלען געמאַכט ווערען ביי דער קאָנוועגשאָן בלויז שריפטליך.

7) אַרטיקעל 16, פּונקט 26, פּאַראַגראַף אַ, זאָל זיך לעזען ווי פאָלגט:

אַ מיטגליעד פון דער עקזעקוטיוו קאָמיטע ווערט אויסגעשלאָסען פאַר ניט באַזוכען 3 מיטינגען נאָכאַנאַנד פון זיין קאָמיטע, אָדער פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע, אָדער 5 מיטינגען אין פאַרלויף פון 3 מאָנאַטען כסדר, ניט אָנגעבענדיג קיין אורזאַך, וואָס ווערט פון דער עקזעקוטיווע אנערקענט פאַר גענוגענד.

## וועגען דער פאָרמע פון וואַהלען און רעפערענדומס

8) אַרטיקעל 20, פּונקט 7, זאָל זיך לעזען:

יעדער ברענטש קען נאָמינירען איין דעלעגאַט צו דער קאָנווענשאָן, אַ מעמבער פון אייגענעם ברענטש.

געגען דיעזען פּונקט איז אויך דאָ אַ מינאָריטעט רעקאָמענדיישאָן.

9) אַרטיקעל 20, פּונקט 7, וואו עס רעדט זיך וועגען רעפערענדומס, זאָל זיך לעזען ווי פאָלגט:

רעפערענדומס פאַר וועהלען דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאַן, אָדער נאַציאָנאַלע בעאַמטע, זאָלען געשטימט ווערען ביי אַ ספּעציעלען מיטינג, בלויז דורך אינדיווידועלע באַלאָטס, אין אַ באַשטימטער צייט.

ביים שטימען זאָלען קיינע אַנדערע פראַגען ניט פאַרהאַנדעלט ווערען.

גלייך נאָך דעם ווי די באַלאָטס זיינען אָפּגעשטימט פון די מעמבערס, זאָל אַ ספּעציעלע צעהלער־קאָמיטע צונעהמען די באַלאָטס, איבערצעהלען זיי און באַריכטען דעם רעזולטאַט צום זעלבען מיטינג און דאָס זעלבע זאָל ווערען פאַרשריבען אין פּראָטאָקאָל.

נאָך דעם ווי די אָפּשטימונג איז פאַראיבער און די באַלאָטס זיינען צוגענומען פון די צעהלער־קאָמיטע איז די וואַהל געשלאָסען און קיינע צוגעקומענע מעמבערס טאָרען מעהר ניט שטימען.

10) דער דזשענעראַל אָפיס זאָל שיקען ספּעציעלע ענוועלאָפּס, אין וועלכע די ברענטשעס זאָלען אריינשיקען די באַלאָטס פון אַלע רעפערענדומס און זאָלען פון אָפיס ניט געעפענט ווערען ביז דעם טאָג, ווען די רעפערענדומס ווערען געשלאָסען.

11) באַלאָטס דאַרפען געמיילט ווערען אין דזשענעראַל אָפיס ניט שפּעטער ווי 3 טעג נאָך דער אָפּשטימונג.

12) אויסצוצאָהלען די עקסטראַ ריילראָוד־פעיר פאַר די נאַציאָנאַלע באָארד אוו דירעקטאָרען כל זמן די עקסטראַ געהערטע פרייזען פאַר די ריילראָוד־פעיר פון דעם יאָהר 1918 וועלען אָנהאַלטען.

13) קאָנווענשאָנס זאָלען אָפּגעהאַלטען ווערען אַלע צוויי יאָהר.

געגען דיעזען פּונקט איז אויך דאָ אַ מינאָריטעט רעקאָמענדיישאָן.

14) די פּראָטאָקאָלען פון די קאָנווענשאָנס זאָלען זיין סטענאָגראַפישע.

עס ווערט דעבאַטירט דער ערשטער פּונקט פון באַריכט.

פריינד פעדערמאַן רעדט פאַר דער מינאָריטעט: איך זעה ניט איין קיין אורזאַכען, צוליעב וועלכע מיר זאָלען דאַרפען ענדערען די פאָרם פון אונזער פּאַרוואַלטונג. אַלע אונזערע קאָמיטעס און די עקזעקוטיווע אלס גאַנצע האָבען דאָך לעצטען יאָהר געטאָן גוט זייער אַרבייט, מיר דאַרפען דאַרום קיינע ענדערונגען, אויסער אַז די קאָמיטעס זאָלען ערוועהלט ווערען באַזונדער.

פריינד נודעלמאַן רעדט פאַר דער מאַיאָריטעט: פאַר אונז איז נויטיג בעסער איין גאַנצע עקזעקוטיווע, וועלכע זאָל צווישען איהרע מיטגליעדער פאַרטיילען די אַרבייט, און ניט קיין 6 באַזונדערע קאָמיטעען, וואו איינע זאָל גאָר וועניג זיין אינפאָרמירט וועגען אַלעם וואָס ס'ווערט געטאָן פון דער צווייטער קאָמיטע.

פריינד גוסקין ערקלערט, אַז עס איז ניט ריכטיג די באַהויפּטונג, אַז מיטגליעדער פון איין קאָמיטע ווייסען ניט פון די באַשליסען פון דער צווייטער קאָמיטע. אַלע פראַגען פון אַלע קאָמיטעס קומען אויך פאָר פאַר דער עקזעקוטיווע אלס גאַנצע און זיי דאַרפען וועגען אַלעם האַנדלען און באַשליסען.

פריינד עפּשטיין רעדט אויך פאַר דער מינאָריטעט. ער זאָגט:

אויב צוליעב די מאָטיווען פון דער מאַיאָריטעט, האָבען מיר אויך היינט די זעלבע פאָרם פון פּאַרוואַלטונג, ווי זיי אַליין

ווילען. מיר האבען אן איינהייטליכע עקזעקוטיווע. וואס אונז פעהלט איצט איז מעהר מענשען צו טאן וואס נויטיג איז, און דארום דארפען מיר ניט פארקלענערען אונזער עקזעקוטיווע. די רעקאמענדיישאן פון אונזער עקזעקוטיווע: אפצושאפען די בענעפיט קאמיטע, גלויב איך, אז די אבזיכט איז ניט געווען צו פארקלענערען אונזער קאמיטע, נאר ווייל מיר האבען איינגעזעהן, אז דאס איז אן אויסשליסליכע אפיס ארבייט.

פריינד צביון אמענדירט די רעקאמענדיישאן פון דער מאיאריטעט. ער גלויבט, אז די עקזעקוטיווע, ווי זי איז יעצט צוזאמענגעשטעלט, איז ניט צופריעדענשטעלענד. עס איז ריכטיג, אז יעדע קאמיטע האט געטאן איהר ארבייט, אבער די עקזעקוטיווע אלס גאנצע איז ניט דאס, וואס זי וואלט געדארפט זיין. ער גלויבט, אז אן עקזעקוטיווע פון 20 וועט זיין גענוג. זיי דארפען נאר נאמינירט ווערען אין 4 באזונדערע קאמיטעס: ארגאניזאציאן, סאניטאריום, אפיס און עדיוקיישאן קאמיטע, וועלכע מוזען זיין א טייל פון דער גאנצער עקזעקוטיווע.

פריינד אשפיז אונטערשטיצט און רעדט פאר צביון'ס רעקאמענדיישאן. פריינד גאלדינג רעדט געגען דער אפשאפונג פון דער בענעפיט קאמיטע. פריינד גוסקין רעדט געגען דער רעקאמענדיישאן פון מאיאריטעט און ווייזט, אז אויך די גריוועגס קאמיטע מוז זיין א טייל פון דער עקזעקוטיווע. זיי דארפען זיין גענוג אינפארמירט וועגען אלע באשליסע פון דער עקזעקוטיווע, ווייל זיי וועלען די זעלבע ביי געלעגענהייטען מוזען אויסטייטשען.

מיט א מעהרהייט שטימען ווערט די רעקאמענדיישאן פון דער מאיאריטעט אנגענומען.

מיט דער אננעהמונג פון דיעזען פונקט ווערען שוין אויך צוריקגעוויזען די פונקטען 2, 3 און 4 פון זעלבען באריכט.

פריינד זאלצמאן רעדט געגען דעם 5טען פונקט. ער גלויבט, אז מיר טארען ניט אוועקנעהמען קיין מעגליכקייט ביי קיינעם פון אונזערע טוער צו זיין אקטיוו. פארקעהרט, מיר דארפען זעהן, אז ווער נאר עס וויל און איז פעהיג זאל ניט זיין געשטערט אין קיין ארבייט. די יעניגע, וואס זיינען בכלל ניט קיין וויגשענסווערטע פארוואלטער, דארפען און קענען פריהער אדער שפעטער בעסער ניט ערוועהלט ווערען.

פריינד וואלאס רעדט פאר דער רעקאמענדיישאן. ער גלויבט, אז אן עקזעקוטיוו מיטגליעד, וואס געפינט זיך צו לאנג אין דער פארוואלטונג, מעג ער אפילו זיין ווי פעהיג און איבערגעבען, ווערט ער אן אויטאקראט.

פריינד עפשטיין רעדט אויך געגען דעם. ער גלויבט, אז אויסער דעם, וואס אזא באשלוס איז שעדליך, איז דאס אויך א נוצלאזער באשלוס. „מען קען זיין אן אויטאקראט אדער בכלל ניט פאסענד אין דער פארוואלטונג דעם ערשטען יאהר אפטער ווי דעם דריטען יאהר.“

מיט 35 שטימען פאר, געגען 33, ווערט די רעקאמענדיישאן אנגענומען.

דער 6טער פונקט פון פארוואלטונג־באריכט ווערט צוריקגעוויזען אהן דעבאטען.

דער 7טער פונקט ווערט אנגענומען אהן דעבאטען.

וועגען דעם 8טען פונקט רעדט פריינד וויינבערג. ער מאכט אויפמערקזאם דעם טשערמאן, אז אזא פונקט איז אויסער ארדער, ווייל מיר קענען ניט באשטימען פאר קיין ברענטש וועמען פון אונזערע מיטגליעדער זיי זאלען יא אדער ניט נאמינירען און ערוועהלען.

דער טשערמאן ענטשיידעט, אז דיעזע רעקאמענדיישאן קען פון קאנווענשאן ניט פארהאנדעלט ווערען.

פריינד גוסקין אפעלירט געגען דער ענטשיידונג אויף דעם גרונד, וואס די קאנווענשאן האט אין אן עהנליכער פראגע — וועגען דעם 5טען פונקט פון באריכט — יא געהאנדעלט.

מיט א מעהרהייט שטימען ווערט די ענטשיידונג פון טשערמאן אנגענומען.

פונקט 9 פון באריכט ווערט אנגענומען.

די פונקטען 10, 11 און 13 ווערען געטייבעלט.

די פונקטען 12 און 14 ווערען אנגענומען.

גענ. מאיר לאנדאן רעקאמענדירט פאלגענדע אמענדמענטס צו דער קאנסטיטושאן, צוזאמען מיט די וויטערע אנגעגעבענע רעזאלוציאנען, וועלכע ווערען אנגענומען.

## AMENDMENTS ACCEPTED AT THE CONVENTION, MAY 1919

ARTICLE III, Section 12, amend by striking out the words "affianced husband and affianced wife."

ARTICLE IV. Amend by adding a new Section to be numbered 4, and which is to read "No branch nor any officer or officers thereof shall have the power of authority to waive any of the provisions of the Constitution and By-laws of the Workmen's Circle, and the same shall be binding upon the society and each and every member thereof and on all beneficiaries of members.

ARTICLE X. Amend by striking out Section 6.

Add a new article to be known as ARTICLE XXVII.

ARTICLE XXVII. The articles of incorporation may be amended by a resolution of a regular or special convention of the Workmen's Circle.

## RESOLUTIONS ACCEPTED AT THE CONVENTION, MAY 1919

RESOLVED, that the Articles of Incorporation of the Workmen's Circle be amended so that the amount of death benefit to which a beneficiary of a member may become entitled upon the death of a member shall not exceed the sum of one thousand dollars and be it further

RESOLVED, that the Executive Committee take suitable action to carry this resolution into effect.

RESOLVED, that the Executive Committee be authorized whenever any provision of the by-laws and the constitution of the Workmen's Circle is found to be in conflict with fraternal insurance laws of any state in which it is now authorized to do business, or in which the Workmen's Circle shall seek admission, to so modify the by-laws that they may conform with the particular law or laws.

The Executive Committee, if it finds it necessary, may for the purpose of so modifying and amending the by-laws, call a special convention, the delegates to which shall be elected on such a basis of representation, and under such regulations as the Executive Committee may determine to the contrary in the constitution notwithstanding.

די פריינדע בערענשטיין פון דעטראיט און וואלבערג פון ניו יארק ווערען ערוועהלט אלס פראטוירנאל דעלעגאטען צו דער לייבאר ליעג קאנווענשאן.

דער טשערמאן, פריינד בענענסאן, גיט איבער זיין אמט אלס פארזיצענדער צו שליסען די קאנווענשאן צו פריינד י. וויינבערג פון ניו יארק.

פריינד וויינבערג זעגענט זיך צוערשט מיט די דעלעגאטען און באמערקט דערביי:

מיך פארדריסט וואס צום שלוס פון היינטיגער קאנווענשאן קען מען ניט באנוצען דעם צודעק פון די טישען. דער רויטער קאליר, — דער סימבאל פון פרייהייט, — איז פאר אונז פארבאטען און היי־יאהר האט מען די טישען ניט ערלויבט צו באדעקען מיט קיין רויטען קאליר. ער דריקט אויך אויס זיין צופריעדענהייט מיט דעם אויפטו פון דער קאנווענשאן, וועלכע האט געהאנדעלט הארמאניש מיט אינטעליגענץ און טאקט.

אלס ערשטער רעדנער ביים שלוס פון קאנווענשאן רעדט פריינד ה. לאנג, פארטרעטער פון „פארווערטס“:

„איך בין געזעסען ביי דיעזער קאנווענשאן אלס א קארעספאנדענט פון „פארווערטס“, אבער אפט האט זיך מיר געדאכט, אז איך בין נאר א דעלעגאט, דעם אונטערשיעד וועלכען איך האב נאר געפיהלט איז געווען דער: וואס איהר האט מיך יא קריטיקירט און איך אייך האב ניט געקענט קריטיקירען.

ער רעדט וועגען איצטיגען מאמענט און וועגען דער אוננארמאלער לאגע אין דער באוועגונג. ער אפעלירט, אז די דעלעגאטען זאלען זעהן אויפצופאסען, אז אין דעם ארבייטער רינג זאל זיך קיין אומגעזונטער צושטאנד ניט ארייננרייסען.

עס האלטען קורצע שלום־רעדעס די פריינד זאלצמאן, וואלבערג, דייווידאוו, וויינבלאט און איוועונסקי.

זיי אלע, אלס מיטגליעדער פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיווע, וועלכע געהען ארויס פון אמט, דריקען אויס זייער צו־

פריערענהייט מיט דער נעלעגענהייט, וואס זיי האבען געהאט אלס פארוואלטער צו דיענען דעם ארב. רינג. אלע פארשפרעכען זיי צו דיענען דעם ארבייטער רינג אויך אויף ווייטער אלס סאלדאטען פון דער ארב. רינג ארמעע און אלס טוער אין זייערע ארגאניזאציאנען. פריינד זאלצמאן זאגט, אז ער איז געווים צופריעדען מיט דעם ערפאלג פון ארב. רינג ביז איצט, און ער איז זיכער אין זיין ווייטערען ערפאלג אלס ארגאניזאציע פון די אידישע ארבייטער־מאסען. פריינד וואלבערג זאגט: אז ער געהט יעצט ארוים פון פארוואלטונג, ווייל ער איז איצט צופיעל פארנומען אין דער טרייד יוניאן באוועגונג, אבער ער וועט נאך פיעל טאן אויך פאר דעם ארבייטער רינג — פאר דער ארגאנזאציאן, וועלכע איז איהם זעהר טייער. פריינד דייווידאוו זאגט: „דער ארבייטער רינג איז אויפגעבויט געווארען אין צייט פון קריעג צווישען די ס. פ. און ס. ל. פ. עס זיינען געוועזען פיעלע וואס האבען געזוכט א רוהיגען פלאץ אין דער באוועגונג און זיי האבען דאס געפונען אין דעם ארבייטער רינג. ביז איצט איז, מיט קליינע אויסנאהמען, דער ארב. רינג געוועזען א רוהיגער פלאץ, אבער די געשיכטע ווידערהאלט זיך. היינט האבען מיר א נייעם שטרייט אין די רייהען פון דער סאציאליסטישער פארטיי און אין דעם מאמענט איז געווים נויטיג אפצוהיטען דעם רוהיגען פלאץ אין דער באוועגונג. זאלען ביי אונז אין ארב. רינג נים זיין קיין נוצלאזע מחלוקות.“

פריינד וויינבלאט זאגט, אז נאך דריי יאהר זיין אין דער עקזעקוטיווע, ווען ער גיט זיך איצט א דין וחשבון, איז ער זעהר צופריעדען מיט זיינע ערנסטע דיענסטע פאר דעם ארבייטער רינג און מיט דעם וואוקס פון דער ארגאניזאציע, וועלכע ער וועט נאך ווייטער פיעל העלפען פאר ערפאלג אויף אלע נויטיגע געביעטען.

פריינד איזוועסקי דערמאנט וועגען זיין גלויבען אין דער באוועגונג מיט דריי יאהר צוריק און וועגען זיין גלויבען היינט. ער ווינשט, אז דער אויסגאנג פון איצטיגען מאמענט זאל זיין נאך דעם וואונש פון די דעלעגאטען.

עס רעדט גענ. י. ב. ביילין אלס דער נעקסטער רעדנער. ער זאגט:

„איך האב שוין איינינע מאל געהאט דעם פארגעניגען ביי־צוואוינען א ר. קאנווענשאנס, איך בין אבער צו אייך ערשיענען אלס א זייטיגער, איינמאל פאר דער אידישער סאצ. פעדעראציע און איין מאל פאר דער צענטראלער ביורא פון „בונד“. דעם מאל אבער קום איך צו אייך אלס אן א י י ג ע נ ע ר, וואס איז טיעף פאראינטערעסירט אין אלע פארהאנדלונגען, וואס איהר האט געהאט פאר זיך. איך בין אבער אהער נים געקומען צו זאגען אייך וואס איהר האט צו טאן, נאר פארקהערט: דער הויפט־צוועק פון מיין קומען איז געוועזען צו לערנען דא פון אייך וואס איך וועל האבען צו טאן פאר'ן נעקסטען יאהר. אזוי שעפ איך מיינע איינדריקע און באגייסטערונג פון די דרייסיג מענשען פון דער עקזעקוטיוו. יעצט בין איך געקומען צו זיין עטליכע טעג אין באריהרונג מיט אייך און אנצושעפען זיך פון אייער קוואל פאר א גאנצען יאהר טעטיגקייט. און עס איז דא פון וואס צו שעפען: אייערע פארהאנדלונגען זיינען אלע געוועזען אין דעם גייסט פון אינטערנאציאנאלען סאציאליזם, און א גרויסען טעות האבען געמאכט די פארטרעטער פון דער סאצ. קאונטי קאמ. אין דעטראיט מיט זייער אפזאגען זיך צו שיקען א באגריסונג צו אזא „בורזשואזנעם“ ארדען ווי דער א. ר. עס איז וואהרשיינליך, צום באדויערען, צווישען זיי נים געוועזען קיין איינער, וואס זאל קענען דעם א. ר. איך האב ערשט היינט אין לאבבי אויך געהערט, ווי איינער, וואהרשיינליך אויך פון די, וועלכע קענען נאר דעם א. ר. פון דערווייטענס, האט אפגעלאכט פון אונזער קאנווענשאן, וואס זי באשעפטיגט זיך, אין אזא גרויסער און וויכטיגער צייט, מיט אזעלכע קליינליכקייטען, ווי בענעפיטס, סעמעטערי א. א. וו. דאס דערמאנט מיר די געשיכטע, וואס מ'האט דערצעהלט וועגען נאפאלעאן דעם ערשטען, ווען ער האט געמאכט דעם לעצטען „רעוויו“ איבער זיין ריעזיגער ארמעע, וואס האט געדארפט געהן קיין רוסלאנד. ער האט באקוקט צי די שינעלען פון די סאלדאטען זיינען פארשפילעט אויף אלע קנעפלאך. און ווען זיין גענעראל־אדיוטאנט האט זיך געוואונדערט, פארוואס ער קוקט עפעס אין אזא צייט אויף אזעלכע קליינינגקייטען, האט ער געענטפערט: אן ארמעע, וואס איז אויסגעהאלטען מיט די קלענסטע קליינינגקייטען, ביי וועלכע אלע קנעפלאך זיינען אין ארדנונג פארשפילעט, האט געווים די גרויסע זאכען אין בעסטער ארדנונג. און מיינע פריינדע, אויב אין א. ר. זיינען אלע קליינינגקייטען אין בעסטער ארדנונג, קענען מיר ערווארטען, אז ווען דער גרויסער טאג וועט קומען, וועט ער זיין צו איהם גרייט.“

עס רעדט פריינד עפשטיין און ער זאגט:

איך בין ווייט פון די פעסימיסטען אין אונזערע רייהען. איך גלויב, אז דער רויטער קאליר, וועלכען פיעלע זיינען היינט געצוואונגען צו באהאלטען, וועט נים לאנג מוזען זיין פארבארגען. ס'וועט אזוי לאנג נים אנהאלטען. איך בין זיכער, אז די פאהן, וואס פלאטערט היינט ערגעץ וואו אנדערש, וועט אויך פלאטערען דא ביי אונז. עס איז אמת, אז דאס קען אזוי לייכט נים געשאפען ווערען, אבער עס וועט געשעהן, ווייל די צוקונפט איז אונזערע.

מיר אין ארבייטער רינג דארפען פאר קיין מחלוקות זיך נים שרעקען. דער ארבייטער רינג האט שוין אויך געהאט מחלוקות און איז גאנץ געבליבען. מיר האבען אויך היינט צווישען אונז פריינד מיט מיינונגס־פארשיעדענהייטען, אבער מיר וועלען אויך אויף ווייטער גאנץ בלייבען. איך בין זיכער, אז איך, ווי אלע אנדערע 29 מיטגליעדער פון דער עקזעקוטיווע, וואס פאר מיינונגס־פארשיעדענהייטען ביי אונז זאל נים זיין, וועלען מיר אבער שטענדיג טאן דעם ווילען פון דער מעהרהייט אין אונזער ארגאניזאציאן. מיר וועלען פון ערגעץ נים נעהמען קיין ביישפיעלע פון צושפאלטונגען, נאר שטענדיג וועלען מיר היטען אונזער איינינקייט.

עס רעדט פריינד באסקין:

„ביים שלום פון דער קאנווענשאן פיהלען מיר זיך אלע ווי נאך נעילה. די צייט פון פארהאנדלונגען איז פאראיבער, אבער די הויפט ארבייט איז נאך געבליבען אויף שפעטער. מיר אלע דארפען יעצט קומען אין אונזערע שטערט, אין אונזערע בראנטשעס, און דורכפיהרען די באשליסע פון היינט אויף אזא אופן, אז דאס זאל ברענגען די בעסטע רעזולטאטען אין דער צוקונפט. זאלען מיר אלע — אוועקפאהרענדיג פון דאנען — טאן אונזער ארבייט — פאר אונזער ארגאניזאציאן און פאר אונזער ארבייטער־באוועגונג.“

דער לעצטער רעדט גענ. מאיר לאנדאן. ער ערקלערט, אז זיין ארבייט ביי דער קאנווענשאן באשטעהט אין צוויי טיילען. די ערשטע טייל, אויף וויפיעל זי איז אין שייכות צו די געשעפטען פון ארבייטער רינג, האט ער שוין אפגעטאן; די צווייטע טייל וועט ער טיילווייז אפשר ערפילען ביי דיעזען שלום פון קאנווענשאן.

גענ. לאנדאן רעדט וועגען איצטיגען מאמענט און וועגען דעם צושטאנד אין דער באוועגונג און ער דערמאנט, אז עס זיינען דא פעריאדען, ווען מען ווערט אוועקגעשלעפט אין שטראם, און עס איז אויך דא א צווייטער וועג, א וועג פון לאנגזאמער און שווערער, בויענדער ארבייט.

ער דערמאנט אלס ביישפיעל דעם ארבייטער רינג: מיר זיינען דער ארדען פון קבצנים, און דאך האבען מיר באוויזען צו שטודירען און אנצונעהמען וויסענשאפטליכע רייטס, וועהרענד אנדערע ארדענס האבען דאס נים געטאן. דאס איז א געזונטער רעזולטאט פון שטודירען, פון פארזיכערונג און פון בויען.

„דער ארבייטער רינג האט שוין פיעל געטאן אלס אן ארגאניזאציאן און מיר האבען שוין אויפגעטאן: מיר האבען שוין וויסענשאפטליכע רייטס, מיר האבען א שעהנעם סאניטאריום און פיעלע עהנליכע אויפטואונגען, אבער איין גרויסע ארבייט דארף נאך פון אונז ערשט געטאן ווערען: אונז פעהלט קולטור, דער גייסט צום שטודירען, צו קענען באהערשען די געדאנקען — אין דעם נויטיגט זיך אונזער מיטגליעדערשאפט.

מיר לעבען אין א לאנד און אין א צייט, ווען קיין פראגע פון קיין „פליעגלען“ טאר נים זיין. מיר האבען שטענדיג דא געזוכט דורכ'ן געזעץ צו באוועגען זיך און נים אנדערש, ווייל דאס איז געוועזען דער בעסטער וועג. מיר לעבען אין א לאנד, וואו מיר קענען אויף א פריעדליכען אופן ענדערען אונזערע געזעצע, אלעס וואס עס איז נאר נויטיג איז צו ענטוויקלען קול־

טורעל אונזערע מיטגליעדער. אויפקלערונג איז אין איצטיגען מאָמענט נויטיגער ווי אלעס.

אונזער אויפגאבע נעקסטען יאָהר דאַרף זיין, אז יעדער איינציגער זאָל פאַר זיך זעלבסט אויסגעפינען צו וואָס ער קען דיענען און יעדער איינציגער זאָל זאָרגען פאַר א טייל פון אונזער בויענדער ארבייט. מיר זיינען ניט אין דער פאַרצווייפעלטער לאַגע פון יענעם לאַנד, וואו מיר געפינען זיך ניט. אונזער לאַגע אין דיעזען לאַנד איז אַן אַנדערע און מיט אַ גלייכען געזונטען וועג דאַרפען מיר טאָן אונזער ארבייט.

מיר דאַרפען אויפקלערען אונזערע מיטגליעדער, אז זיי זאָלען פאַרשטעהן ווי אזוי מען קען בויען. מיר דאַרפען לער־נען. דומהייט איז אונזער ערגסטער שונא און דאָס דאַרפען מיר באַקעמפען.

מיט דעם האָט זיך די 19טע יעהרליכע קאָנווענשאָן פון ארבייטער רינג געשלאָסען, שבת דעם 10טען מאַי, 5 א זייגער נאָכמיטאָג.

מ. איוועגסקי, בר. 194
פ. יודיטש, בר. 75
מ. פערלאָוויץ, בר. 280
סעקרעטערע פון קאָנווענשאָן.

# טעלעגראַמען צו דער 19טער קאָנווענשאָן

### סאָציאַליסטישע פאַרטיי

אונזער וואונש איז צו האָבען איין גרויסען אַרבייטער רינג איבער'ן גאַנצען לאַנד, וואו אַלע אַרבייטער זאָלען באַלאַנגען. — די אידישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציאָן; מ. לולאָוו, סעק.

הערצליכע באַגריסונגען. פאַרווירקליכט אונזערע גרויסע אויפ־גאַבען. — צענטראַל פאַרבאַנד פון בונד; מ. גורעוויטש, סעק.

גרוסען צו אייער קאָנווענשאָן. זאָל אייער אַרבייט זיין אונזער שטאָלץ. — אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער ברענטש, נ. י.

אין דיעזע שווערע צייטען איז דער אַ. ר. די פעסטונג פון דער פראָגרעסיווער באַוועגונג. — אידישער בר. סאָצ. פאַרטיי, וואַשינגטאָן.

ברידערליכע גרוסען. 100,000 מעמבערס פאַר'ן אַ. ר. צו דער נעקסטער קאָנווענשאָן. — אידישער בר. סאָצ. פאַרטיי, ראָטשעסטער.

### אידישע אָרגאַניזאַציאָנען

די אגודת עם ישראל, מיט אַ מעמבערשיפּ פון איבער הונדערט טויזענד, מייסטענס אַרבייטער, פאַרלאַנגט אונטערשטיצונג פון אַ. ר. פאַר דער באַוועגונג פון אַ 5־טעג אַרבייטס־וואָך. מ. יכאָפסקי, דירעקטאָר.

מיר שיקען אייך הערצליכע גרוסען. אייער וואונדערבאַרע טע־טיגקייט ווערט געשעצט פון אַלע פראָגרעסיווע מענשען אין לאַנד. — לאס אנדזשעלעס סאַניטאַריום רעליעף אַסס'ן; ד. אַייברעהעמס, סעק.

### אינדעפּ. אָרדער ברית אברהם

די אידען ווענדען זייערע בליקען צו אייך, איהר זאָלט נעהמען אַ שאַרפע שטעלונג געגען די שרעקליכע פּאָגראָמען. — לאָדזש 239 אינדעפּ. אָרדער ברית אברהם, ספּרינגפיעלד, מאסס.

### לייבאָר ליעג

הערצליכע ווינשע. מיר מאַכען שוין פאָרבאַרייטונגען צו האָבען די נעקסטע קאָנווענשאָן פון אַ. ר. אין באָסטאָן. — באָארד און דירעק־טאָרס לייבאָר ליעג; ס. יאָנאס, סעק.

גרוסען און בעסטע ווינשע צו דער 19טער קאָנווענשאָן. מיר האָפען צו האָבען די נעקסטע קאָנווענשאָן אין באָסטאָן. — בר. 1, לייבאָר ליעג.

בעסטע ווינשע פאַר סוקסעס. שוין 10 יאָהר ווי מיר וואַרטען אויף דעם מאָמענט ווען מיר וועלען זיין צוזאַמען מיט אייך. — בר. 3, לייבאָר ליעג.

### ארבייטער רינג אָפיס און סאַניטאַריום

בעסטע גרוסען צו דער 19טער קאָנווענשאָן, און גוטע ווינשע פאַר ערפאָלג. אונזער זיעג קען נאָר קומען דורך דער פאַרבינדונג מיט דער רעוואָלוציאָנערער אַרבייטער־באַוועגונג. מיר מוזען געהן פאָראויס צוזאַמען מיט'ן פּראָלעטאַריאַט פון דער גאַנצער וועלט. עס לעבע דער אַ. ר.! עס לעבע די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבייטער־באַוועגונג. — פ. געליעבטער.

בעסטע ווינשע פאַר ערפאָלג. זאָלען אייערע באַשלוסע פאַרשטאַרקען דעם אַ. ר. — אָפיס סטעף: עפשטיין, וואלבערג, גאָלדמאַן, גראַף, רובין, וו. רובין, זאַק, ראָטהמאַן, קושנער, דזשאַלמאַן, וויינבלאַט, הורוויץ, קאַרפּ, סעמועלסאָן, גינזבערג, גאָלדנער, קופערמאַן, איוועגס, שאַצבערג און קאַטין.

מיר ווינשען דעם אַ. ר. פיעלע גוטע און פרוכטבאַרע יאָהרען. — פּאַציענטען פון אַ. ר. סאַניטאַריום, ליבערטי, נ. י.

בעסטע ווינשע צו דער קאָנווענשאַן. ליידער בין איך ניט אים־שטאַנד צו זיין מיט אייך. — דר. ל. ראָזענבערג, ליבערטי, נ. י.

### סיטי און דיסטריקט אָרגאַניזאַציאָנען א. ר.

מיר באַגריסען די 19טע קאָנווענשאָן. — ניו יאָרק סיטי אָרג. קאָם.; לאַנגער, סעק.

הונדערט טויזענד מעמבערס צו דער נעקסטער קאָנווענשאן אין פילאַדעלפיא. — פילאַדעלפיא דיסטריקט קאָם.; ס. עטינגער, סעק.

לאָמיר פאַרגרעסערען אונזער אָרגאַניזאַציאָן, גענאָסען. — נוארק דיסט. קאָם.; דזש. סקלאַר, סעק.

עס לעבע דער אַרבייטער רינג. — באָפאלא דיסט. אָרג. קאָם.; ב. פאקמאראף, סעק.

בעסטע ווינשע פאַר אַן ערפאָלגרייכער קאָנווענשאָן. — סיטי און דיסט קאָמ., פּראָווידענס.

ראָטשעסטער דיסט. קאָמ. שיקט איהרע גרוסען צו דער קאָנווענשאָן דורך האַרמאָניע און איינִיגקייט וועט אונזער אָרדען וואַקסען און וואַקסען. — שולמאַן, סעק.

האַרצליכע גרוסען פון וויסקאָנסין דיסטריקט אָרג. קאָמיטע. — א. ראסקין, סעק.

### אַ. ר. געזאַנג און מוזיקאַלישע פאַראיינען

בעסטע ווינשע. — אַ. ר. כאָר, ניו יאָרק.

דער פּעטערסאָנער אַ. ר. כאָר שיקט גרוסען צו דער קאָנווענשאָן. — פ. פוקס, סעק.

באַגריסונגען צו דער 19טער קאָנווענשאָן. — אַ. ר. מיוזיקעל סקיל.

### פאַרשיעדענע אַרבייטער־אָרגאַניזאַציאָנען

מיט אַ באַזונדערען אינטערעס פאָלגען מיר נאָך אייערע פאַר־האַנדלונגען. אַן אַרבייטער רינג איז אָפּהענגיג די צוקונפט פון דער אידישער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג. מיר זיינען איבערצייגט, דאָס איהר וועט יעצט, אזוי ווי אַלע מאָל, טאָן גוטע אַרבייט פאַר קאָאָפּע־ראַציאָן. — פעדעריישאָן אידישע קאָאָפּעראַטיווען פון אַמעריקא; אהרן סטאלינסקי, סעק.

מיר באַגריסען די פאַרטרעטער פון אַרבייטער־קלאַס. — ראָטשעס־טער קאָאָפּעראטיוו סאָסייעטי.

זאָל די 19טע קאָנווענשאן זיך אויסצייכענען אין טאַקט און אינ־טעליגענץ. — לייבאָר ליסעאום אַסס'ן, ברידזשפּאָרט.

די אַרבייטער רינג קאָאָפּעראַטיוו אַסס'ן באַגריסט די 19טע קאָנ־ווענשאן. מיר האָבען צוטרויען צו אייך, דאָס איהר וועט פאַרשטאַר־קען דעם קאָאָפּעראַטיווען געדאַנק. — בערנשטיין, סעק.

זייט באַגריסט, דעלעגאַטען צו דער 19טער קאָנווענשאָן. פיהרט די אידישע אַרבייטער־מאַסען צו דער ענדליכער באַפרייאונג. — לייבאָר ליסעאום אַסס'ן, פילאדעלפיא; מ. פאָלין, סעק.

די יונייטעד לייבאָר עדיוקיישאָנאל קאָמ. שיקט איהר גרוס צו דער אַ. ר. קאָנווענשאָן. זאָל אייער אַרבייט געקרוינט ווערען מיט ערפאָלג. — י. מ. בודיש, סעק.

האַרצליכע ווינשע. זאָלען אייערע אונטערנעהמונגען זיין ער־פאָלגרייך. — לייבאָר עדיוקיישאָנאל עלאַיענס, האַרדפאָרד; מ. סאקס, סעק.

דער לייבאָר ליסעאום פון פּיטסבורג, פאַרטרעטענדיג אַלע היגע אידישע אַרבייטער אָרגאַניזאַציאָנען, באַגריסט די אַ. ר. קאָנווענשאָן און ווינשט ערפאָלג. 100,000 מעמבערס צו דער נעקסטער קאָנווענ־שאָן. — ס. אָשרי, סעק.

### אידישע סאָציאַליסטישע קינדער־שולען פון אַרבייטער רינג

מיר באַגריסען די 19טע קאָנווענשאָן און האָפען דאָס דער אַ. ר. זאָל האָבען גוטע רעזולטאַטען פון די קינדער־שולען. — האַרלעמער אַ. ר. שולע, ניו יאָרק.

אַ גרוס פון דער בראָנזווילער אַ. ר. שולע. ווינשען אייך ערפאָלג.

די אידישע סאָצ. קינדער־שול פון פּעטערסאָן באַגריסט די קאָנ־ווענשאָן פון אַ. ר.

באַגריסונגען פון דער שיקאַגאָ'ר עדיוקיישאָנאל קאָמ. מיר האָבען נאָר וואָס געעפענט אַ טעגליכע קינדער־שול און האָבען שוין 600 שילער. מיר ערוואַרטען אייער שטיצע.

### באַגריסונגען פון איינצעלנע פריינד

גרוסען צו פּערזענליכע פריינד און דעלעגאַטען. דריי אַלטע באַקאַנטע שיקען זייערע גוטע ווינשע צו אייך. פאַרברענגט גוט אין דעטראָיט און האָט אויך אין זינען דעם אַ. ר. מיר אָרגאַניזירען אַ

ברענטש פון געוועזענע דעלעגאַטען און בעאַמטע און מיר ערוואַרטען צו האָבען אייך אַלס מעמבערס. — שער, דריישפיעל און וואַליצקי.

איך ווינש אייך ערפאָלג. — י. ב. סאלוצקי.

האַרצליכע גרוסען און הייסע ווינשע. — ב. פינגערהוט.

זאָל אונזער איינפלוס אויף דער אַרבייטער־באַוועגונג פיעל פאַרגרעסערט ווערען פאַר'ן סאָציאַליסטישען גייסט. — א. צוקער.

איך ווינש אייך ערפאָלג. — ב, סלאווין, דירעקטאָר נ. דזש.

מיט'ן גאַנצען האַרצען ווינש איך אייך ערפאָלג און האַרמאָני. — ת. יאנאָווסקי, דעריקטאָר, קאנעקטיקוט.

טוט גוטע ארבייט. 100,000 מעמבערס אין 1920. — י. אַלפערט, מעמבער בר. 23.

ווינש אייך ערפאָלג. העלפט באַפרייען דעבס'ן און די איבריגע פּאָליטישע מאַרטירער. — עלקין, מאונט קלעמענס.

זאָל אייער אַרבייט געקרוינט ווערען מיט ערפאָלג. — מ. דעניסאן, וואַשינגטאָן.

האַרצליכע גרוסען. האָט אַן ערפאָלגרייכע קאָנווענשאָן. — י. הילמאן, ברידזשפּאָרט.

איך ווינש אייך גליק. טוט גוטע אַרבייט. — נ. ראָזענפעלד, ראק איילענד, איлл.

איך האָף דאָס אַלע אייערע האַנדלונגען זאָלען זיין פאַר די בעסטע אינטערעסען פון אַ. ר. — דזש. וויינשטיין, מעמבער נאַצ. עקז. קאָמ.

איך באַגריס אייך פאַר אייער גוטע אַרבייט. זייט שטענדיג ערפאָלגרייך. — א. מעהלמאן, בעמבער בר. 20.

בעסטע ווינשע פאַר אַלע אונטערנעהמונגען פון אַ. ר. — י. גאָלדענטהאל, האַרדפאָרד.

האַרצליכע גרוסען צו דער קאָנווענשאן. — ס. צערנאָוויטץ.

איך ווינש אייך גליק אין אייער גוטע אַרבייט. — מ. סטראסמאן, שיקאַגאָ.

## יוניאָנס

מיר שיקען אייך ברידערליכע גרוסען. עס איז ערפרעהענד צו זעהן אייער גרויסען וואוקס. — די אינטערנעשאָנאל לוידיס גאַרמענט וואָירקערס; ב. שלעזינגער, פּרעז.

די אמאלגאמייטעד קלאָטהינג וואָירקערס שיקט האַרצליכע גרוסען צום אַ. ר. טויזענדער אונזערע מעמבערס זיינען אויך צווישען אייערע רייהען. אַרבייטער־סאָלידאַריטעט איז יעצט פון גרעסטער נויטיגקייט. זאָל אייער אַרבייט זיין פאַר'ן נוצען פון דער אַרבייטער־באַוועגונג. — דזש. שלאָסבערג, סעק.

די קאָנווענשאן פון די קעפּ מייקערס שיקט איהר ברידערליכען גרוס צום אַ. ר. מיר פאַררעכענען אייך ניט נאָר אַלס אַ פריינדליכע אָרגאַניזאַציאָן, נאָר אַלס מיטקעמפער אין דעם גרויסען אַרבייטער־קאַמף. מיר האָפען צו שטעהן מיט אייך צוזאַמען ביז דער ענדליבער באַפרייאונג פון דעם אַרבייטער־קלאַס. — מאַקס צוקערמאן, דזש. סעק.

זאָל די 19טע קאָנווענשאָן דערנעהנטערען דעם אַרבייטער־זיעג. — פּאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען פון פילאַדעלפיא; מ. פאלין, עקטינג סעק.

מיר באַגריסען אייך האַרציך און האָפען איהר זאָלט האָבען ערפאַלג. — דזשאָינט באָארד קלאָוקמייקערס יוניאָן; ל. לאַנגער, סעק.

זייט באַגריסט און זאָלען אייערע אונטערנעהמונגען געקרוינט ווערען מיט ערפאָלג. — דזשאָינט באָארד אמאלגאמייטעד קלאָטהינג אַרביימער, ניו יאָרק.

מיר באַגריסען אייך מיט אייער גוטע אַרבייט צו ברענגען ליכט צווישען די אַרבייטער־מאַסען. — לאָקאל 9, אינט. ל. ג. וו. יוניאָן.

האַרצליכע ווינשע פאַר ווייטערען ערפאָלג. ווערט גרעסער און שטאַרקער. — פּרעסערס לאָק. 35, אינט. ל. ג. וו. יוניאָן; קאזאן, סעק.

באַגריסונגען צו אייער קאָנווענשאָן. — דזשאָינט קאונסיל 7, יונייטעד שוה וואָירקערס.

נעהמט אָן אונזערע באַגריסונגען און זייט ערפאָלגרייך. — לאָקאל 82, אינט. ל. ג. וו. יוניאָן.

בעסטע ווינשע פאַר ניצליכע אַרבייט פאַר'ן אַרבייטער־קלאַס. — באַרבערס יוניאָן לאָקאל 752; א. גרינוואַלד, סעק.

אַ גרוס פון די טעקסטיל אַרבייטער פון לאָרענס, מאַסס. מיר שטעהען אין סטרייק שוין 13 וואָכען און האָפען צו זיעגען. בלויז דער הונגער וועט אונז באַזיעגען. — דזשענ. סטרייק קאָמיטע.

## אַרבייטער רינג ברענטשעס

גרוסען און גוטע ווינשע אין אייער נאָבעלער אַרבייט. — בר. 2.

זאָל אייער אַרבייט געקרוינט ווערען מיט ערפאָלג. — בר. 12, ס. דעניס, סעק.

בעסטע ווינשע פאַר ערפאָלג. — בר. 15, האַרדפאָרד; וו. סאָקאָל, סעק.

מיר באַגריסען די 19טע קאָנווענשאָן. זאָלען אייערע שאַפונגען זיין אַ מוסטער פאַר דער באַוועגונג און אַ שטאָלץ פאַר אַלעמען. נעהמט אויף די פראַגע פון בויען אַ בית־יתומים. — בר. 17, ניו־הייווען; ס. גאָלדבערג, סעק.

ווינשען אייך ערפאָלג. — בר. 18, גלאווערסוויל.

האַרצליכע גרוסען צו דער 19טער קאָנווענשאָן. — בר. 19, סיראקיוז; מ. ראבינאוויטץ, סעק.

נעהמט אָן אונזערע באַגריסונגען און גוטע ווינשע פאַר פּראָגרעס. — ברענטש 20.

האַרצליכע באַגריסונגען. קעמפט פאַר דער באַפרייאונג פון דעבס'ן און אַלע פּאָליטישע אַרעסטירטע. — בר. 22, ניו בריטאן; דזש. ליכט, סעק.

בעסטע ווינשע פאַר ערפאָלג. לאָמיר אַלע קעמפען אָפּצושאַפען די יעצטיגע טיראַניי. עס לעבע דער סאָציאַליסטישער אידעאַל. — בר. 23, נואַרק; מ. שרייבער, סעק.

זאָל אייער אַרבייט זיין פרוכטבאַר און ברענגען גוטע רעזולטאַטען. — בר. 27, ראטשעסטער.

בעסטע גרוסען. זאָל דער אַ. ר. ווערען גרעסער און שטאַרקער. — בר. 28; וו. ווערבער, סעק.

בעסטע ווינשע. — בר. 29, באָפאלא; ה. טשירלין, סעק.

מיר באַגריסען די נאַצ. עקז. און די דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאן. מיר האָפען דער אַ. ר זאָל זיך פאַרשפּרייטען איבער דער גאַנצער וועלט. — בר. 32, שיקאַגאָ.

ווינשען אייך גרויס ערפאָלג. זאָלען אייערע האַנדלונגען זיין האַרמאָניש און פאַר די נוצען פון אַלע מעמבערס. — בר. 36; ל. אויערבאך, סעק.

מיר באַגריסען אַלע דעלעגאַטען און ווינשען זיי גליק. — בר. 41, אנסאָניא; ס. ברוסקין, סעק.

מיר ווינשען אייך ערפאָלג און האָפען דאָס צו דער נעקסטער קאָנווענשאן וועלען מיר זיין נאָך שטאַרקער ווי יעצט. — בר. 45, פּיטסבורג; נ. מאלין, סעק.

האַרצליכע גרוסען און גוטע ווינשע. — בר. 52; מ. גארדאן, סעק.

עס לעבע דער אַ. ר.! — בר. 72; דזש. קופּערמאן, סעק.

מיר באַגריסען אייך און ווינשען אייך ערפאָלג. — דווינסקער בונד, בר. 75; ד. סאוויט, סעק.

האַרצליכע גרוסען. זאָלען אייערע אונטערנעהמונגען זיין ערפאָלגרייך. — בר. 81; מ. מאלעטצקי, סעק.

גראַטולירען די דעלעגאַטען צו דער 19טער קאָנווענשאן. ווינשען אייך האַרמאָניע. לאַנג לעבען זאָל דער אַ. ר. — בר. 82.

האַרצליכע גרוסען. זאָל קאָאָפּעראַציאָן זיין אונזער אויפגאַבע. — ברענטש 88.

ווינשען אייך ערפאָלג. — בר. 93.

גוטע ווינשע פאַר אַן ערפאָלגרייכער צוקונפט. — בר. 106, פּעטערסאָן.

זאָל דער גייסט פון סאָציאַליזם דורכדרינגען אייערע האַנדלונגען. — אייערע גענאָסען פון בר. 110, פּראווידענס; דזש. פּאַוולאָוו, סעק.

בעסטע ווינשע פאַר לאַנגע יאָהרען צום אַ. ר. — בר. 112, סקרענטאן; מ. הורוויטץ, סעק.

ווינשען ערפאָלג. — בר. 120, ריטשמאנד, ווירדזשיניא; פּאַלאשניק, סעק.

מיר גראַטולירען די דעלעגאַטען. זאָל דער אַ. ר. האָבען 100,000 מעמבערס צו דער נעקסטער קאָנווענשאָן. — בר. 127, שיקאַגאָ; ס. קאפּלאן, סעק.

בעסטע ווינשע פאַר דעם וואוילזיין פון אַ. ר. — בר. 146.

מיר באַגריסען דעם אַ. ר. מיט די גוטע רעזולטאַטען, וואָס זיינען געשאַפען געוואָרען, טראָץ אַלע שלעכטע אומשטענדען. לאָמיר אַלע אַרבייטען פאַר דער באַפרייאונג פונ'ם אַרבייטער־קלאַס. מיר ערוואַרטען די קאָנווענשאָן זאָל אָננעהמען גוטע באַשליסע צו גונסטען קאָאָפּעראַציאָן אַלס אַ מיטעל צו דער צוקונפטיגער געזעלשאַפט. — בר. 149; א. לעף, טשערמאָן.

לאַנג לעבען זאָל דער אַ. ר. — בר. 152, ראטשעסטער.

האַרמאָניע און ברידערליכקייט זאָל הערשען אין אייערע אונטערנעהמונגען. — בר. 154, קאלאמבוס, אָ.; וו. באליף, סעק.

זאָל אייער אַרבייט זיין ערפאָלגרייך. — בר. 161, מאנעססאן, פּא.; באזעל, סעק.

באַגריסונגען און גוטע ווינשע. — בר. 166, מילוואָקי; א. רובין.

מיר זיינען מיט אייך פאַר אַלע גרויסע ציעלען פון אַרבייטער־קלאַס. — בר. 169; וו. גארסי, סעק.

מיר באַגריסען אַלע גענאָסען און ווינשען אייך ערפאָלג. מיר רעקאָמענדירען צו בויען אַ בית־יתומים און אייך צו פאַרשטאַרקען די אידישע סאָצ. שולען. — בר. 176, שיקאַגאָ, שוואַרטץ, סעק.

מיר גראַטולירען אַלע דעלעגאַטען. — בר. 198, האָבאָקען.

בעסטע ווינשע פאַר דעם וואוילזיין פון אַ. ר. — בר. 206.

הערצליכע גרוסען. זאָל די פריעדענס־עפּאָכע ברענגען גליק דעם אַ. ר. — בר. 216; וו. אבראמסאן, טרעזשורער.

מיר ווינשען דער קאָנווענשאן ערפאָלג. מיר גראַטולירען אויך די דעטראָיטער ברענטשעס מיט זייער לייבאָר ליסעאום. — בר. 220, טאראנטא.

גוטע ווינשע פאַר ערפאָלג. — בר. 231 ; מ. ווערניקאָווסקי, סעק.

האַרצליכע גרוסען. — בר. 251, פראווידענס.

ווינשען אייך ערפאָלג אין אַלץ וואָס איהר וועט טאָן. — בר. 278, ב. בראונשטיין, סעק.

זאָל אייער אַרבייט זיין פרוכטבאַר און אייערע באַשליסע זאָלען דיענען די בעסטע אינטערעסען פון אַ. ר. — בר. 280.

זאָלען אייערע האַנדלונגען זיין אין איינקלאַנג מיט דער יעצ־טיגער פעריאָדע. האָט מוט און קראַפט בייצושטעהן אַלע שוועריג־קייטען. — בר. 283, פילאדעלפיא ; משה לעווינזאָהן.

די מעמבערס פון בר. 285, פאַרזאַמעלט ביים 10־יעהריגען יובי־לעאום פון ברענטש, באַגריסען די 19טע קאָנווענשאָן און ווינשען האַרמאָניע און ערפאָלג. — קאָמיטע.

100,000 מעמבערס און אַנדערהאַלבען מיליאָן דאָלאַר אין דער טרע־זשורי צו דער 20טער קאָנווענשאָן. — בר. 288.

זאָל דער נעקסטער יאָהר אונז ברענגען 100,000 מעמבערס. מיר וועלען טאָן אונזער טייל. — בר. 289, באַלטימאָר ; פּ. סאמאראדין, סעק.

ווינשען ערפאָלג. — בר. 290.

מיר גראַטולירען אייך. — בר. 303, בירמינגהאַם, אלאבאמא.

זאָל אייער אַרבייט געקרוינט ווערען מיט עראָלג. — בר. 304, סיאטעל ; י. גוסטאנאף, סעק.

לאַנג לעבען זאָל אונזער אַ. ר. — בר. 322.

באַגריסונגען פאַר דער פאַרגאַנגענהייט און האָפנונגען פאַר דער צוקונפט. — בר. 349.

פייערענדיג אונזער 10־יעהריגער עקזיסטענץ, באַגריסען מיר די 19טע קאָנווענשאָן. — בר. 350 ; וו. גינזבורג, סעק.

זאָל אייער אַרבייט זיין ערפאָלגרייך. דער אַ. ר. זאָל אויך אויף ווייטער זיין דער וועגווייזער פון די אַרבייטער־מאַסען. — בר. 353, דולוטה, מינג.

האַרציגע ווינשע. ווילקאָמען אייך אַלעמען. — בר. 160, דעט־ראָיט, מיש.

גראַטולאַציאָנען און גוטע ווינשע. — בר. 362, קעמדען ; מ. סניידער, סעק.

מיר באַגריסען די דזשענ. עקז. מיט'ן פאַרגאַנגענעם יאָהר אַרבייט און ווינשען די דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאָן ערפאָלג. — בר. 367.

ווינשען אייך ערפאָלג. לאָמיר קומען צו דער נעקסטער קאָנווענ־שאָן מיט 100,000 מעמבערס. — בר. 372, פילאדעלפיא ; וויללינג, סעק.

זאָל אייער אַרבייט זיין פריינדליכקייט. — בר. 391, שיקאַגאָ ; ב. מאנבי.

הערצליכע באַגריסונגען. — בר. 413, באָפאלא.

בעסטע ווינשע פאַר ערפאָלג. 100,000 מעמבערס פאַר'ן נעקסטען יאָהר. — בר. 145, שריוופאָרט.

מיר ווינשען אייך גליק און לאַדען אייך איין צו האַלטען די נעקסטע קאָנווענשאַן ביי אונז. — בר. 418, טאראנטא ; ב. מילער, סעק.

זאָל די קאָנווענשאַן זיין ערפאָלגרייך אין איהר אַרבייט. — בר. 441, דזשעקאנסוויל, פלא.

מיר ווינשען אייך ערפאָלג און האָפען די נעקסטע קאָנווענשאַן וועט האָבען פאַרטרעטער פון 100,000 מעמבערס. — בר. 444, שיקאַגאָ.

נעהמט אָן אונזערע גרוסען און טוט דאָס בעסטע פאַר'ן אַ. ר. — בר. 483, סט. דזשאָסעף.

האַרבליכע גרוסען. זאָל דער אַרבייטער־קלאַס זיין באַפרייט ביז דער נעקסטער קאָנווענשאַן. — בר. 488, ניו קענזינגטאן.

זאָל דער אַ. ר. בלייבען טריי צו די פרינציפען פון סאָציאַליזם.— בר. 495 ; ד. סילווער, סעק.

גראַטולאַפיאָנען צו אַלע דעלעגאַטען. — בר. 500.

עס לעבע דער אַ. ר. — בר. 521, פילאדעלפיא ; ל. גאָלדבערג, טשערמאַן.

מיר ווינשען אייך פראָגרעס. — בר. 534, פילאדעלפיא ; י. רודינסקי, סעק.

זאָל סאָלידאַריטעט הערשען אין אונזערע רייהען. — בר. 541, שיקאַגאָ.

לאָמיר פאָרטזעצען אונזער אַרבייט צו באַפרייען דעם אַרבייטער־קלאַס. — בר. 547, שיקאַגאָ.

האַרצליכע גרוסען. אין אייניגקייט איז אונזער גרויסקייט. — בר. 555 ; ב. וואולף, סעק.

מיר שטאָלצירען מיט אונזער פאַרגאַנגענהייט און האָפען דאָס זעלבע אויף דער צוקונפט. — בר. 560.

מיר ווינשען אייך ערפאָלג. — בר. 573, סט. פאול, מינ. ; ל. ליוויי, סעק.

מיר באַגריסען אייך און ווינשען דער אַ. ר. זאָל זיין דער באַנער־טרעגער פון ברידערליכקייט. — בר. 600.

מיר ווינשען אייך פיעל גליק. — בר. 610, מאנטיסעלא.

בעסטע ווינעש פאַר עראָלג. — בר. 611, פילאדעלפיא ; ב. קאַטץ, סעק.

זייט ערפאָלגרייך אין פאַרשטאַרקען דעם אַ. ר. — בר. 615.

בעסטע ווינשע. — בר. 664, שיקאַגאָ ; מ. וועקסלער, סעק.

100,000 מעמבער צו דער נעקסטער קאָנווענשאָן. — מאונט ווער־נאָן ברענטש ; ליפשיף, סעק.

100,000 מעמבערס פאַר'ן אַ. ר. — וואַשינגטאָן ברענטש.

100,000 מעמבערס צום נעקסטען יאָהר. — שיקאַגאָ ברענטש ; נ. פאזאן, ווייס טשערמאן.

ווינשען ערפאָלג. — ווישקאווער צוקונפטיגער ברענטש ; ח. ריבנער, סעק.

## די קאָאָפּעראטיווע אַססאָסיאיישאָן בעט אונז צו פאַרעפענטליכען פאָלגענדען אויפרוף

ווערטהע פריינדע : —

מיט איניגע וואָכען צוריק האָבען מיר דורך אַ צושריפט צו אַלע ברענטשעס, פאָרגעלעגט דעם פּלאַן פון דער „אַרבייטער רינג קאָ־אָפּעראַ־טיווער געזעלשאַפט", וועלכע האָט גענומען אויף זיך די אויפגאַבע צו איבערציינען די אַרבייטער רינג מעמבערס, וואָס פאַר וואונדערבאַרע אַרבייט עס קאָן אויפגעטאָן ווערען דורך קאָ־אָפּעראַטיווע אונטערנעמונ־גען, צו גונסטען פון אַלע אונזערע מעמבערס.

איבער 50 ברענטשעס האָבען מיט גרויס באַגייסטערונג זיך אָפּ־גערופען אויף אונזער פּלאַן. און ביי אַ געמיינשאַפטליכען דעלעגאַטען־מיטינג איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז אונזער ערשטע אונטערנעמונג זאָל זיין אַ גרויסע מאָדערנע קאָ־אָפּעראַטיווע בעקעריי, ווי עס פּאַסט זיך פאַר דעם אַרבייטער רינג.

וואָס מיר באַצוועקען מיט דיזען לעטער איז פאָלגענדעס : מיר זיינען איבערצייגט, אַז פיעלע ברענטשעס האַנדלען זעהר לאַנגזאַם מיט צושריפטען.

מיר האָבען אָבער אויך פאַקטען, אַז ווען ברענטשעס זיינען ערנסט, פּראָגרעסירט די אַרבייט פיר קאָ־אָפּעראַציאָן זעהר שנעל מאָראַליש און אויך פינאַנציעל. אַ גוטען ביישפּיעל האָבען געצייגט די ברענטשעס 149, 88, 501, 231, 569 און פיעלע אַנדערע ברענטשעס. זייער מאָטאָ איז : אַמווייניגסטען איין שער פאַר יעדען מעמבער. מיר זיינען זיכער אַז ווען אַ גרויסער צאָהל ברענטשעס זאָלען אַרבייטען אויף דיזען פּלאַן, וואָלטען מיר געקענט עפענען אונזער בעקעריי גאָר אין אַ קורצע צייט.

מיר האָבען באַשלאָסען אַז דער „אָנפאַנגס־קאַפּיטאַל" פון דער קאָ־אָפּעראַטיווער בעקעריי, אָהן וועלכען מיר קענען ניט אָנפאַנגען אונזער אַרבייט, מוז געשאַפען ווערען ביז דעם 1טען דזשולי און אום דאָס דורכצופיהרען בעטען מיר אייך פאָלגענדעס :

1) אויב אייער ברענטש איז אָפיציעל שוין אָנגעשלאָסען, — פילט אויס דעם בייליגענדען אַפּליקיישאָן בלענק, אום צו וויסען וויפיעל שערס אייער אָרגאַניזאַציאָן האָט געקויפט אַלס אַ ברענטש.

2) שיקט גלייך מיטן סובסקריפּשאָן בלענק אויך די סומע פון $1.50 אַ קוואַרטאַל, ביז די בעקעריי וועט זיך עפענען אום מיר זאָלען האָבען אויף פּרינטינג, פּאָסטיידזש א. ד. ג. די געלדער פאַר שערס וועט פאַר קיין פאַל ניט באַריהרט ווערען.

3) פאַרלאַנגט ביי אייער יעדען מיטינג אַ באַריכט פון אייערע דעלעגאַטען, זאָל די פראַגע פון קאָ־אָפּעראַציאָן זיין אויף דעם טאָגעס אָרדנונג פון יעדען פון אייערע מיטינגען.

דאָס איז דער איינציגער וועג, דורך וועלכען איהר קענט פאַר־שפּרייטען דעם אידעאַלען געדאַנק פון קאָ־אָפּעראַציאָן.

אויב עס צייגט זיך ארויס אַז אייערע דעלעגאַטען אַטענדען ניט, ערוועהלט אַנדערע אויף זייערע פּלעצער. זיי דאַרפען זיין די בויער פון דער נאָבעלער באַוועגונג, מיט וועלכען די געשיכטע פון די אַר־בייטער פון ניו יאָרק וועט אַמאָל זיין שטאָלץ.

4) ערוועהלט אַ ספּעציעלע קאָמיטע מיט אַ סעקרעטער וועמעס אויפגאַבע זאָל זיין צו קאָלעקטען געלד פון אייערע מעמבערס וועלכע וועלען קויפען שערס.

מיר האָבען פאַר דיזען צוועק ספּעציעלע רעסיט ביכער און די דעלעגאַטען קענען זיי קריגען פאַר אייער ברענטש פריי.

5) און דאָס איז דער עיקר ! — מאַכט אייערע מעמבערס פ אַ ר ק אָ ־ אָ פּ ע ר א ט אָ ר ס א ו ן ש ע ר ה אָ ל ד ע ר ס. פאַרגעסט ניט, אַז וואָס מעהר שערס איהר פאַרקויפט אַלץ נעהנטער קומען מיר צו אונזער ציעל צו האָבען די נויטיגע סומע געלד ביז דעם 1טען דזשולי.

לאָז אייער ברענטש זיין אַ ביישפּיעל פאַר אַנדערע, וואו צו העל־פען אויפבויען די קאָ־אָפּעראַטיווע באַוועגונג צווישען אונזערע אַרבייו־טער רינג מעמבערס אין ניו יאָרק

די אָרגאַניזאַציאָנס און פּרעס קאָמיטעען :

סאל. באַרנשטיין, סעק., ראָבערטס, טשערמאַן, אב. עפּשטיין טרעזש. ב. וואלאוויץ, י. פאַבער, ה. גראַף, פּרעס קאָמיטע.

**גיט אַמווייניגסטען נאָך איין דאָלאַר פאַר'ן רעליעף !**

# רעפערענדום באלאט

## פון דער 19טער יעהרליכער קאנווענשאן פון ארבייטער רינג

1. בענעפיט.

א) צו העכערען די אינשורענס פאליסיס ביז 1000 דאלאר. די געהעכערטע סומע פון דער פאליסי זאל געצאהלט ווערען דורך פולע דייטס, לויט דעם עלטער פון באטרעפענדען מיטגליד אין דער צייט ווען ער העכערט זיין פאליסי. די איינטריט־געלד פון נייע מיטגליעדער זאל זיין ניט מעהר ווי 4 דאלאר, אויב אפילו די פאליסי איז אויף 1000 דאלאר.
יעדער מיטגליעד וואס העכערט זיין פאליסי מוז האבען א נייע מעדיקאל און יורין עקזא־מיניישאנס.
פאר | געגען

ב) פינף פראצענט פון קראנקען בענעפיט פאנד זאל אוועקגעלעגט ווערען אלס א ספעציעלער קראנקען־בענעפיט פאנד.
פאר | געגען

ג) פרויען מעמבערס זאלען ניט זיין בארעכטיגט צו קיין קראנקען בענעפיט, אויב די קראנקהייט איז א דירעקטער רעזולטאט פון שוואנגערשאפט, ענט־בינדונג, מענסטרואציע און זויגען א קינד.
פאר | געגען

ד) אלע מעמבערס פון קלאס איינס, וועלכע זיינען אריין אין ארבייטער רינג ביז די פראטווירנאל רייטס איז אריין אין קראפט אין דעם עלטער פון 34 יאהר און העכער, זאל זייער מאקסימום רייט פאר'ן טויטען־בענעפיט פאנד זיין ניט מעהר ווי 1.75$ פאר 400 דאלאר און דער באלאנס פון 4,609.84$ זאל גוטגעמאכט ווערען פון דעם איינס פראצענט, וואס די נייע מעמבערס צאהלען איין ביי זייער אריינקומען אין אר־בייטער רינג. *)
פאר | געגען

2. ארגאניזאציאן.

א) די אויסגאבען פאר ארגאניזאציאנס־ארבייט זא־לען געצאהלט ווערען פער קווארטאל פון יעדען מיטגליעד.
5 סענט | 4 סענט

3. עדיוקיישאנאל ארבייט.

א) די אויסגאבען פאר עדיוקיישאנאל ארבייט זאלען געצאהלט ווערען פער קווארטאל פון יעדען מיטגליעד.
פאר | געגען

ב) דער בודזשעט פון די ארבייטער רינג שולען זאל געהעכערט ווערען.
פאר | געגען

ג) די אויסגאבען פון די ארבייטער רינג שולען זאלען געצאהלט ווערען פער קווארטאל פון יע־דען מיטגליעד.
5 סענט | 4 סענט

4. פארוואלטונג.

(אמענדמענטס צו דער קאנסטיטושאן)

א) ארטיקעל 15, פונקט 1, זאל זיך לעזען :
דער ארבייטער רינג ווערט פארוואלטעט פון א דזשענעראל עקזעקוטיוו קאמיטע, באשטעהענד פון 30 מיטגליעדער, מעמבערס פון ברענטשעס פון גרייטער ניו יארק און אומגעגענד, וואו רייזע־קאסטען באטרעפען ניט מעהר ווי 50 סענט אהין און צוריק. די עקזעקוטיווע ווערט נאמי־נירט און ערוועהלט אין 6 ספעציעלע קאמיטעס (ארגאניזאציאן, בענעפיט, סאניטאריום, עדיו־קיישאנאל, אפיס און גריווענס). יעדע פון דיעזע קאמיטעען מוז מיטען אם וועניגסטען איין מאל א וואך. א מאיאריטעט פון דיעזער קאמיטע שטעלט צוזאמען א קווארום.
פאר | געגען

ב) ארטיקעל 15, פונקט 2, זאל זיך לעזען :
עקזעקוטיוו מיטגליעדער זאלען ניט קענען זיין אין דער פארוואלטונג לענגער ווי 3 יאהר נאכאנאנד. נאכדעם ווי דער מיטגליעד איז געווען א יאהר אויסער דער פארוואלטונג קען ער ווייטער נאמינירט ווערען אלס מיטגליעד פון דער עקזעקוטיוו קאמיטע.
פאר | געגען

*) די סומע פון העכער פיער טויזענד דאלאר, וואס ווערט דא אנגעגעבען, איז ניט גענוי. די נאצ. עקזעקוטיוו וועט שפעטער אויס־רעכענען די גענויע סומע, וואס דער באלאנס וועט באטרעפען.

ג) ארטיקעל 16, פונקט 26, פאראגראף א, זאל זיך לעזען :
א מיטגליעד פון עקזעקוטיוו קאמיטע ווערט אויסגעשלאסען : פאר ניט באזוכען 3 מיטינגען נאכאנאנד פון זיין קאמיטע אדער פון דער נא־ציאנאלער עקזעקוטיווע, אדער 5 מיטינגען אין פארלויף פון 3 מאנאטען כסדר, ניט אנגעבענדיג קיין אורזאך, וואס ווערט פון דער עקזעקוטיווע אנערקענט אלס גענוגענד
פאר | געגען

ד) ארטיקעל 20, פונקט 7, זאל זיך לעזען :
א. יעדער ברענטש קען נאמינירען נאר 1 דע־לעגאט צו דער קאנווענשאן, א מעמבער פון איי־גענעם ברענטש אדער פון אן אנדער ברענטש, און די דעלעגאטען צו טעריטאריען קאנפערענצען זאלען באשטימען, ווער פון די נאמינירטע זאלען זיין דעלעגאטען צו דער קאנווענשאן. די דזשע־נעראל עקז. קאמ. זאל די, פון קאנווענשאן נאמי־נירטע קאנדידאטען, ארויסשיקען פאר איין אפ־שטימונג צו די ברענטשעס.
ב. רערפערענדום פאר וועהלען נאציאנאלע בעאמטע אדער דעלעגאטען צו דער קאנווענשאן זאלען געשטימט ווערען ביי א ספעציעלען מי־טינג בלויז דורך אינדיווידועלע באלאטס און אין א באשטימטער צייט. אין צייט פון שטימען זאלען קיינע אנדערע פראגען ניט פארהאנדעלט ווערען. גלייך נאכדעם ווי די באלאטס ווערען אפגעשטימט פון די מיטגליעדער זאל א ספע־ציעלע צעהלער־קאמיטע צונעהמען די באלאטס, איבערצעהלען די שטימען און באריכטען דעם רעזולטאט צום זעלבען מיטינג, און דאס זעלבע זאל פארשריבען ווערען אין פראטאקאל. נאכדעם ווי די אפשטימונג איז פאראיבער און די צעה־לער־קאמיטע האט צוגענומען די באלאטס, איז דער וואוט געשלאסען און קיינע צוגעקומענע מיטגליעדער קענען מעהר ניט שטימען.
פאר | געגען

5. ניישאנאל באארד אף דירעקטארס.

די מיטגליעדער פון דער נאציאנאלער באארד אף דירעקטארס זאלען קריגען אויסגעצאהלט די עק־סטרא רייללראוד־פעיר אזוי לאנג ווי די געהע־כערטע פרייזען פאר רייללראוד פון דעם יאהר 1918 וועלען אנהאלטען
פאר | געגען

6. ווייטערע אמענדמענטס צו דער קאנסטיטושאן.

א) ארטיקעל 3, פונקט 12, זאל זיך לעזען :
אלס יורשים, אדער בענעפיציאנטען, קען מען אנגעבען : פאטער אדער מוטער, ברודער אדער שוועסטער, קינדער (אויך געזעצליך אדאפטירטע קינדער), מאן אדער פרוי, אדער פערזאנען וואס זיינען מאטעריעל אפהענגיג פון מיטגליעד.
פאר | געגען

ב) צו ארטיקעל 4 זאל צוגעזעצט ווערען פונקט 4, און זאל זיך לעזען :
„קיין ברענטש, אדער וועלכער עס איז פון זיינע בעאמטע, זאל ניט האבען רעכט און אויטא־ריטעט צו פארלייכטערען וועלכע עס איז פונקטען פון דער קאנסטיטוציע און „ביי־לאאס“ פון דעם ארבייטער רינג. דאס זאל זיין בינדענד אויף דעם ארדען און אויף יעדערען פון זיינע מיט־גליעדער, ווי אויך אויף אלע יורשים פון די מעמבערס.“
פאר | געגען

ג) פונקט 6 פון ארטיקעל 10, וועלכער לעזט זיך :
דיעזער פאראגראף איז בינדענד נאר פאר די מעמבערס, וועמעס סערטיפיקייטס זיינען דאטירט פון ערשטען נאוועמבער, 1911.
דיעזער פונקט זאל אויסגעשטראכען ווערען.
פאר | געגען

ד) עס זאל צוגעזעצט ווערען אן ארטיקעל 27 צו דער קאנסטיטושאן, וועלכער זאל זיך לעזען :
די ארטיקלען אין דער קאנסטיטושאן וועגען אינ־קארפאריישאן קענען אמענדירט ווערען דורך א רעזאלוציאן, פון א רעגעלער אדער ספעשעל קאנווענשאן פון ארבייטער רינג.
פאר | געגען

| | פילא־דעלפי | נוארק |
|---|---|---|
| 7. קאנווענשאן. די 20טע קאנווענשאן זאל געהאלטען ווערען אין | | |
| 8. פארשיעדענס. | | |
| א) די עקזעקוטיווע זאל האבען דאס רעכט זיך צושליסען אין פארשיעדענע האספיטאלס און אויף דעם קענען אויסגעבען נים מעהר ווי 5000 דאלאר. | פאר | געגען |
| ב) גוטהייסען די אויסצאהלונגען צו די דעלע־גאטען פון דער 19טער קאנווענשאן, צו 8 מיט א האלב דאלאר א טאג. | פאר | געגען |
| 9. שטיצע. | | |
| ניו יארק „קאל", 1000 דאלאר | פאר | געגען |
| „נייע וועלט", 400 דאלאר | פאר | געגען |
| אידישע סאציאליסטישע פעדעראציע, 400 דאלאר | פאר | געגען |
| היברו אימיגראנט אייד סאסייעטי, 500 דאלאר | פאר | געגען |
| לאס אנדזשעלעס סאניטאריום, 500 דאלאר | פאר | געגען |
| דענווער סאניטאריום, 500 דאלאר | פאר | געגען |
| „מעסענדזשער" (זשורנאל פאר ניגער־ארביטער), 250 דאלאר | פאר | געגען |
| קראפאטקין ליטעראטור געזעלשאפט, 50 דאלאר | פאר | געגען |
| דעניעל דע־ליאן'ס שריפטען, 50 דאלאר | פאר | געגען |
| נאטוראליזיישאן ליעג, 100 דאלאר | פאר | געגען |
| שיקאגא'ר סיגאר סטרייקער, 50 דאלאר | פאר | געגען |
| ארביטער רינג רעליעף אין לאס אנדזשעלעס, 500 דאלאר | פאר | געגען |

| | | |
|---|---|---|
| ארבייטער רינג רעליעף אין דענווער, 500 דאלאר | פאר | געגען |
| סאציאליסטישע פארטיי (פאר דער חויז), 50 דאל. | פאר | געגען |
| פאליטיקאל דעפענס יוניאן, 300 דאלאר | פאר | געגען |
| „פרייע ארבייטער שטימע", 200 דאלאר | פאר | געגען |
| לאורענסער סטרייקער, 250 דאלאר | פאר | געגען |
| יונייטעד שוח וואירקערס סטרייקער, 150 דאל. | פאר | געגען |
| פאר דעטראיטער ארגאניזא־ציאנען און אינסטיטושאנס: דעטראיטער לייבאר לייסעאום, 1000 דאלאר | פאר | געגען |
| בית־יתומים, 150 דאלאר | פאר | געגען |
| מושב־זקנים, 50 דאלאר | פאר | געגען |
| הכנסת אורחים, 25 דאלאר | פאר | געגען |
| חסד של אמת, 25 דאלאר | פאר | געגען |
| אוקלאנדער לייבאר לייסעאום, 150 דאלאר | פאר | געגען |
| וואדסווארטה סטרייקער, 100 דאלאר | פאר | געגען |
| אידישע ס. פ. ברענטשעס, 50 דאלאר | פאר | געגען |
| יאנג פיפעלס סאשיאליסט ליעג, 25 דאלאר | פאר | געגען |
| ארבייטער רינג כאר, 50 דאלאר | פאר | געגען |
| קאנווענשאן אראנדזשמענט קאמיטע, 50 דאלאר | פאר | געגען |
| ארבייטער רינג ארקעסטער, 75 דאלאר | פאר | געגען |

דיעזער רעפערענדום ווערט געשלאסען דעם 15טען דזשולאי 1919
באלאטס וואס וועלען אריינקומען אין אפיס נאך דיעזער צייט וועלען נים געצעהלט ווערען.

## פון מאנאט צו מאנאט

(פארטזעצונג פון פיידזש 6)

אום ער זאל קענען ווערען אינקארפארירט אין דער קאנסטיטוציע. אין אנדערע שטאאטען ווערען צוזאמענגערופען עקסטרא זיצונגען פון דער לעגיסלאטור, כדי צו שטימען דעם אמענדמענט. מיר קענען אלזא באטראכטען די פאזיציע פאר א גענומענע. קיינע שווארצע כחות אין דער וועלט זיינען שוין נישט אימשטאנד צוריק אפצונעמען איהר פון אונזערע הענט.

נאטירליך, פאר אונז, קלאסען־באוואוסטע ארבייטער און סאציאליסטען, הייבט זיך ערשט יעצט אן א צווייענדינגע ארבייט. פון איין זייט צו נאטוראליזירען אונזערע צעהנדליגע טויזענדער שוועסטער, אום זיי זאלען זיך קענען אין גיכען באטייליגען אין די ביטערע וואהל־קעמפע, און פון דער צווייטער זייט פארשטארקען אונזער אגיטאציאן צווישען די פרויען, פארשפרייטען צווישען זיי אונזערע אידעען, וועלכע האבען ביז יעצט נישט געקענט געפינען ביי זיי דעם געהעריגען אפקלאנג. עס וואלט געווען זעהר טרויעריג, אויב מיר וואלטען יעצט איבערגעלאזט די מיליאנען מיטקעמפער אויפ'ן פאליטישען געביעט, אז זיי זאלען אליין זוכען א וועג אין דער פינסטער און אריינפאלען אין די הענט פון די געוויסענלאזע פאליטישענס פון די קאפיטאליסטישע פארטייען.

* * *

די ארבייטס־וואך פון 44 שעה ווערט ביסלעכווייז ערֹאבערט פון די ארגאניזירטע ארבייטער אין אלגעמיין און פון די אידישע ארבייטער איבערהויפט. איין שלאכט נאך דער צווייטער ווערט בריליאנט געוואונען א דאנק דער מערקווירדיגער ארגאניזאציאן און דיסציפלין, טרייהייט און קלאסען־באוואוסטזיין פון די בראווע קעמפער. ווי שטאלץ מוז יעצט פיהלען די „אמאלגאמייטעד" מיט איהרע צעהנדליגע טויזענדער מיטגליעדער, וואס זי איז געווען דער אוואנגארד, וואס האט אדורכגעבראכען די ערשטע באפעסטיגטע פונקטען פון שונא! ווי גליקליך דארפען זיך עס יעצט פיהלען די אונפארגלייכליכע בראווע קעמפער פון דער קלאוקמייקערס יוניאן, וואס זיי האבען גלייך געקענט נאכפאלגען די שטורעם־אטאקע און אנשרייבען נצחון אויף זייערע רויטע פעהנער! איבערהויפט האט דער גרויסער זיעג פון די קלאוקמייקערס ווי א שטורעם־גלאק אנגעזאגט אלע אידישע ארגאניזירטע ארבייטער, אז די ארבייטס־וואך פון 44 שעה ווערט א פאקט פון לעבען, און עטאפּנער פונקט צו די ווייטערדיגע נאך גרעסערע ערֹאבערונגען, וואס שטעהען פאר אין אונזערע טעג.

אז דאס איז ריכטיג, קענען מיר זיך לייכט איבערציינגען זעהענדיג ווי עס מאנעווירען די פארשיעדענע אנדערע אידישע טריידס, ווי די פאריערס, דזשולערי־ארבייטער, בלעכער, קעפמייקערס, לעדער גודס ארבייטער, אייראן־בעד־מייקערס, א. א. וו.

דער זיעג פון די קלאוקמאכער פאר וואך־ארבייט ווערט אתן

צווייפעל ווערען נאָכגעפאָלגט פון אונזערע אנדערע יוניאָנס. עס וועט אין א גיכערער צייט, ווי עס קען אויסווייזען אויבער־פלעכליך, רעוואָלוציאָניזירען דעם גאַנצען סטאַנדארד פון לעבען ביי דעם אידישען ארבייטער.

די א. ר. ברענטשעס וועלען אויף די ערטער געוויס טאָן אלעס מעגליכעס, אז אויך די ווייטערע קעמפע זאָלען אזוי בריליאַנט און זיעגרייך אויסגעפאָכטען ווערען.

* * *

**יום־טובים ביי פארשיעדענע ברענטשעס**

נאָך א ברענטש האָט שוין אדורכגעמאכט א שטורעמדיגע צוואנציג־יעהריגע טעטיגקייט און האָט עס געפייערט דעם 25טען מאַי אויף א פרעכטיגען אופן. דאָס איז בר. 3 פון ברוקלין, א שטארקער ברענטש מיט א הערליכען רעקאָרד פון טרייער ארבייט. נישט קיין וואונדער וואָס ארום 450 געסט זיינען אין דערזעלבער צייט געווען מחותנים צו דער שעהנער שמחה.

בר. 295, איסט ניו־יאָרק, האָט נאָר געפייערט דעם 10טען מאַי זיין צעהן־יעהריגען יובילעאום, אָבער דערפאר האָט ער נישט געהאט ווייניג אורזאכען פארוואָס ער זאָל זיין וועניגער שטאָלץ ווי זיין שכנות'דיגער בר. 3. — אין די לעצטע עטליכע מאָנאטען האָט ער אריינגענומען ארום 35 מעמבערס און האָט זיך באטייליגט אין אלע אונטערנעהמונגען וואָס די גענעראל עקזעקוטיווע האָט אונטערנומען.

דער באנקעט איז אויך ניט געווען קיין טרוקענער (אין גייסטיגען זינען), עס איז אויף איהם געזאמעלט געוואָרען פופציג דאָלאר פאר די מלחמה קרבנות.

א גראנדיעזען באנקעט האָט אדורכגעפיהרט דער יעקאטע־רינאָסלאווער בר. 280 צו זיין 15־יעהריגען יובילעאום. אויסער די הונדערטע בעלי־שמחה און געסט זיינען אויך אנוועזענד געוועזן פיעלע באדייטענדע פיהרער פון ארבייטער־רינג איבער־הויפט און פון דער ארבייטער־באוועגונג אין אלגעמיין. מיט שעהנע רעדען און נאָך שעהנערע מוזיק, מיט א וואונדערבארער פריינדשאפטליכער אטמאָספערע, אין וועלכער אונזערע יעקאַ־טערינאָסלאווער ברענטש וואקסט און בליהט, מיט דער צוטיי־לונג פון שעהנע פרעזענטען צו אלע געסט און נאָך שעהנערע פרעזענטען צו די געטרייעסטע טוער פון ברענטש, האָבען די פריינד און סימפּאַטייזער פון בר. 280 פארבראכט עטליכע אמת־געגוססענע שטונדען.

און עס איז נישט קיין וואונדער: בר. 280 איז איינער פון די שעהנסטע ברענטשעס אין א. ר. מיט זיין גלענצענדען רע־קאָרד, אזוי גוט ווי מיט זיין פּאַרטרעפליכען צוזאמענשטעל; מיט זיין פרוכטבארער ארבייט, אזוי גוט ווי מיט זיינע באליעב־טע טרייע טוער. צו דעם יום־טוב האָט דער ברענטש אויך ארויסגעגעבען א געשמאקפולען זאמעלבוך אלס סואווענירן, רע־דאגירט פון י. וויינשטיין, מאקס פערלאָוויץ, י. פינקעלשטיין, פּ. חייקין, מיט א גאנגע רייהע מעמוארען און ארטיקלען.

מיט א שעהנעם באנקעט האָט אויך געפייערט זיין 5־יעהריגען יובילעאום בר. 501 אין ניו־יאָרק. דיעזער ברענטש איז באקאנט אלס דער קאָאָפּעראטיווער ברענטש. ער איז איינער פון די סאמע פאָדערשטע אין די רייהע א. ר. ברענ־טשעס, וואָס זיינען באשעפטיגט מיט דער בויאונג פון דער א. ר. קאָאָפּעראטיווער בעקעריי און טוט זעהר פיעל פאר דער קאָאָפּע־ראטיווער אידעע אויך אין דער פּראקטיק.

בר. 415 פון דער ווייטער סאוטה, אין שריפּפּאָרט, לואי־זיאנא, האָט אויך געהאט מיט וואָס צו פרעהען זיך אויף זיין 5־יעהריגען יובילעאום, וואָס ער האָט געפייערט דעם 1טען דזשון. דער ברענטש רופט זיך „עדיוקיישאָנאל“ ברענטש. ער האָט זיך געשטעלט פאר זיין ציעל צו בילדען זיינע מעמבערס און פאר די 5 יאָהר פון זיין עקזיסטענץ האָט ער עס אדורכגעפיהרט אויף זעהר א צופריעדענשטעלענדען אופן. נישט נאָר האָט ער אליין געגרינדעט א שעהנע לייברערי און געעפענט אָווענד־שולען, נאָר האָט זיך אויך געגעבען די גרעסטע מיה אראָפּצוברענגען פון צייט צו צייט לעקטשורערס. לעצטענס האָט דער ברענטש געגרינדעט א ליידיס אוקזילערי, וואָס טוט גאנץ גוטע ארבייט און טרעט צו אויך צו גרינדען א אידישע א. ר. קינדער־שול. אין אלגעמיין איז זיין רעקאָרד אין אלע א. ר. אונטערנעמונגען פון דעם סאָרט, וואָס זי גיט איהם א בכבוד'יגען פלאץ צווישען אונזערע הונדער־טער ברענטשעס.

א צווייטער סאוטהערן ברענטש, וואָס טוט גוטע ארבייט און האָט ערשט געפייערט זיין 10־יעהריגען יובילעאום, איז בר. 303, בירמינגהאם, אלאבאמא. דיעזער ברענטש צייכענט זיך אויס מיט זיין ארבייט פאר די מלחמה קרבנות און שטרענגט זיך יעצט אָן צוצוקריגען ביז הונדערט מעמבערס. אויף די באַיעס פון בירמינגהאם קענען מיר זיך פארלאָזען.

בר. 262 האָט אויך געפייערט זיין צעהן־יעהריגען יובי־לעאום מיט א גרויסארטיגען באנקעט. מ'האָט אויך נישט פאר־געסען אָן די מלחמה־קרבנות, פאר וועלכע עס איז אויפ'ן אָרט געזאמעלט געוואָרען 25 דאָלאר.

אפּטמאָל באקלאָגען זיך ברענטשעס פארוואָס מיר דערמאָנען נישט וועגען זייערע יום־טובים אין „פריינד“. מיר קענען נאָר דאָ זאָגען, אז עס איז זייער אייגענע שולד. מיר זיינען נישט קיין מלאכים און אויב מ'שיקט אונז נישט צו מיט א צייט פריהער קיין מאטעריאל קענען מיר נישט וויסען און נישט שרייבען.

* * *

א נייער ברענטש, 617, האָט זיך געגרינדעט אין ביווער־פאָלס אונטער אָריגינעלע אומשטענדען. אזוי ווי די שול־אידען האָבען דערהערט וועגען דעם שרעקליכען סקאנדאל, אז מ'קלייבט זיך דאָרט צו גרינדען אַן א. ר. ברענטש, א זאך וואָס איז נישט געהערט געוואָרען אין אזא כרך ווי ביווער־פאָלס, האָבען זיי גלייך אריינגעלעגט אין חרם אלע „באָלשעוויקעס“ וואָס וועלען צושטעהן צו דעם ברענטש. דער ברענטש האָט זיך אָבער דאָך געגרינדעט מיט 28 מעמבערס און אויף דעם אפּיעל פון פר. דוד סיגעל פון פּיטסבורג האָבען דאָרטען אָט די גע־פעהרליכע „באָלשעוויקעס“ געזאמעלט פאר די מלחמה־קרבנות 291 דאָלאר. אָט פאר וואָס אונזערע שול־אידען לעגען עס אין חרם!

* * *

ניו־לאָנדאָן איז נישט קיין גרויסע שטאָדט און איהר בר. 109 איז נישט קיין גרויסער ברענטש, דאָך מעגען פיעלע גרויסע ברענטשעס עפּעס לערנען פון די דאָרטיגע פארמערס. זיי האָבען געמאכט פאר די לאָורענסער בראווע סטרייקערס 73 דאָלאר און אריינגעשיקט אין גענעראל־אָפיס.

---

אויף סאָציאליזם לעולם הבא וועט איהר זיך שוין איינבעטען אפילו ביי דזשאָהן די (רע) ראָ —

מ'האָט אַמאָל געגלויבט, אז דער וואָס האָט די מאַכט יענער איז גערעכט. היינט איז מען אין דעם איבערציוגט.




מיר, די מעמבערס פון בר. 32, דריקען אוים אונזער טיעפסטען טרויער און באַדויערען צו אונ־זער פריינד און אַלטען מעמבער אומאַנסקי אויף דעם פלוצלינגען טויט פון זיין ליעבער און טרייער פרוי. אויך דריקען מיר אוים אונזער הערצליכע סימפאַטיע צו די צוויי יתומים וואָס זי האָט איבערגעלאָזען.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 205 אַ. ר., דריקען אוים אונזער טיעפסטען טרויער צו אונזער פריינד איזי ראַבינאָוויטש און צו זיין פרוי איבער דעם פאַר־לוסט פון זייער זוהן מאָרים.

אויך דריקען מיר אוים אונזער סימפאַטיע צו פריינד פינק איבער דעם פאַרלוסט פון זייער נײ־גע־באָרענעם קינד.

בר. 205 אַ. ר.

---

מיר דריקען אויך דעם טיעפסטען טרויער און שמערץ אויף דעם טויט פון מרס. די בעלפאר.

ס. ראָטענבערג, סעק. בר. 287.

---

מיר, די מעמבערס פון טשודנאָווער בר. 611 אַ. ר., דריקען אוים דעם טיעפסטען טרויער און שמערץ איבער דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער אַ מעמבערין'ס שוועסטער קלאַרא טשיראַשני, געשטאָרבען דעם 12טען מאַרטש, ווי אויך סימפאַטיע צו איהר שוועסטער און פאָטער און מוטער.

ב. קאַטץ, סעק.

---

מיר באַדויערען עדם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פריינד יצחק קארנאָף און דריקען אוים אונזער טיעפסטע סימפאַטיע צו זיין פרוי און קינדער.

ה. ל. האנאלעס, פינ. סעק. בר. 315 א. ר.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 32, דריקען אוים אונזער סימפאַטיע צו אונזער מעמבער און פאַמיליע סעם גערבער איבער דעם פאַרלוסט פון זיין 14־יעהריגען זון, וועלכער איז דורך אַן עקסידענט אַוועק־געריסען געוואָרען פון זיינע ליעבע עלטערן. .

---

מיר, די מיטגליעדער פון בר. 384 א. ר., האמילטאָן, קאנ., דריקען אוים אונזער טיעפסטען טרויער איבער אונזער פאַרשטאָרבענעם טרע־זשורער פריינד מאררים גרינוואַלד, וואָס איז אַזוי יונג אַוועקגעריסען געוואָרען פון אונזער מיטע, ווי אויך אונזער האַרציגען טרייסט צו זיין פרוי מרס. גרינוואַלד, און מיר פאַרפליכטען זיך צו טאָן אַלעס אין אונזער מעגליכקייט צו זיין איהר בייהילפיג.

בר. 384 א. ר.

---

מיט טיעפען באַדויערען דריקען מיר אוים אונזער סימפאַטיע צו אונזער פריינד ב. אָרלין אין זיין אומגליק, וואָס דער טויט האָט גע־רויבט זיין ליעבען זון און יונגען קינד.

וו. ציס, סעק. בר. 157, סאוטה בענד.

---

מיר דריקען אוים אונזער טיעפסטען באַדויערען און שמערץ צו אונזער פריינד מאַקס יאַמפאָלסקי אויף דעם פריהצייטיגען טויט פון זיין יונגער פרוי. אונזער גרעסטע סימפאַטיע צו זיין קליין קינד.

ביעלאַצערקאָווער בר. 417 אַ. ר.

---

מיר דריקען אוים אונזער באַדויערען און סימפאַטיע צו דער פרוי און קינד פון אונזער פאַרשטאָרבענעם פריינד דזשייק אייבראהאמס, וועלכער איז געפאַלען אַ קרבן דעם 15טען פעברואַר אין זיינע בעסטע יאָהרען, אין עלטער פון 27 יאָהר, פון דער שפּאַנישער אינפלוענציע.

בר. 383 א. ר. רעז. קאָם.

ב. וויינשטיין, ת. קאָהען, ת. אפעלבוים, י. שטערן, מ. אלבערט.

---

מיר דריקען אוים אונזער טיעפסטען טרויער אויפ'ן פריהצייטיגען טויט פון אונזער באַליעבטען מעמבער, פריינד מאררים קאפלאן, וועלכער איז גע־שטאָרבען דאָנערשטאג דעם 20טען פעברואר.

בעסאראבער בר. א. ר., שיקאַגאָ.

---

מיר, די פאַרוואַלטונג פון דער סאָציאַליסטישער קינדער־שולע אין פעטערסאָן און די קינדער, דריקען אוים אונזער טיעפסטען טרויער אויף דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער שילער הײמי מאטעלסאן, און מיר דריקען אוים אונזער טיעפסטען מיטגעפיהל צו די עלטערען פון דעם קינד.

מאררים לעווין, סעקרעטער.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 343 א. ר. פון האַרטפאָרד, קאנג., באַ־דויערען זעהר שטאַרק דעם אומגליק פון אונזער פינאַנס סעק. פריינד ב. פריעדמאן אויף דעם פאַרלוסט פון זיין ליעבער פרוי, וועלכע איז פריהצייטיג אַוועק פון דער וועלט. מיר שפרעכען אוים אונזער טיעפ־סטע סימפאַטיע צו איהר גאַנצע פאַמיליע.

---

מיר דריקען אוים אונזער טיעפסטען טרויער נאָך אונזער פאַר־שטאָרבענעם מעמבער העררי ראָזענשטיין, געשטאָרבען דעם 25טען מאַרטש 1919. אונזער טיעפסטע סימפאַטיע צו זיין פרוי און קינדער.

בר. 245 א. ר. ב. לודוויג, סעק.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 171, דריקען אוים אונזער טיעפסטען טרויער און סימפאַטיע צו אונזער פריינד ל. באָרענשטיין און זיינע קליינע קינדערלעך איבער דעם פריהצייטיגען טויט פון זיין יונגער און באַליעבטער פרוי און געטרייע מוטער.

בר. 171 א. ר. מ. שאץ, סעק.

---

מיר דריקען אוים אונזער טיעפסטען טרויער נאָך דעם גרויסען פאַרלוסט וואָס מיר האָבען געהאַט דיעזען יאָהר, פאַרלירענדיג 4 פון אונזערע יונגע מעמבערס דורך דער שרעקליכער עפידעמיע, ישעי נויימען, איזידאָר בלאַט, סעמיועל ברוידי און זיין פרוי גאָלדע ברוידי. מיר דריקען אוים אונזער טיעפסטע סימפאַטיע צו אַלע זייערע פריינד.

בר. 305. א. עטינגער, סעק.

---

מיט טיעפען צער און טרויער דריקען מיר אוים אונזער באַדוי־ערען אויף דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער אַלעמענס געוועזענער פריינד ב. קאפילאוו, און אונזער האַרציגען מיטגעפיהל צו זיין פאַר־בליבענער פרוי.

ל. ראָזענטהאל, סעק. בר. 564.

---

מיר דריקען אוים אונזער טיעפסטען באַדויערען און שמערץ אויף דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פריינד מ. דאָנער, געשטאָרבען דעם 24טען אַפריל 1919 אין וויניפעג, קאנאדא. אונזער טיעפסטע סימפאַטיע צו זיין פאַמיליע.

וו. גאַרסי, סעק. בר. 169.

---

מיר דריקען אוים אונזער טרויער אויפ'ן טויט פון אונזערע טייערע פריינד טשאַרלז קאראוויץ און פריינד אַלטער וואפנער, דורך דער שרעקליכער מגפה, און די טיעפסטע סימפאַטיע צו זייערע פאַמי־ליעס און פריינדע.

אויך דריקען מיר אוים אונזער טיעפסטען טרויער אויף דעם גרויסען אומגליק וואָס האָט געטראָפען אונזער פריינד דזשאָו וויניק דורך דעם פאַרלוסט פון זיין געליעבטער פרוי אין עלטער פון 34 יאָהר. אונזער טיעפסטע סימפאַטיע צו אונזער פריינד וויניק און די קינדער.

מאיר מאנפעלד, פינ. סעק. בר. 457.

# מיטינגען פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע פון אַרבייטער רינג

פאָרטזעצונג פון דעם מאָנאַטליכען מיטינג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע, וועלכער איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען מיטוואָך, דעם 23טען אַפּריל, אום 8 אוהר אבענד, פון פריינד אב. עפּשטיין.

## קאָמיטע

פון ברענטש 324 — זיי לאַדען איין אַ פאַרטרעטער צו זייער באַנקעט פון 4טען מאַי, וואָס וועט אַראַנזשירט לכבוד זייער 10טען יעהרליכען יובילעאום. באַשלאָסען אָנצונעהמען זייער איינלאַדונג. אַלס פאַרטרעטער ווערט ערוועהלט פריינד ווייכשטיין.

—

עס ווערט פאַרהאַנדעלט די פראַגע וועגען דעם באַשלוס פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע אַרויסצוגעבען אַ בוך איבער פיזישע ערציהונג פון קינדער. עס ווערט אָנגעדייטעט, אַז אַזאַ בוך איז אַדווערטייזט און וועט אַרויסגעגעבען ווערען פון אַ צווייטער אָרגאַניזאַציאָן, און אַזוי ווי די אויפגאַבע פון אַרבייטער רינג איז אַרויסצוגעבען בלויז אַזעלכע ביכער, וואָס געוועהנליכע פאַרלעגער און אַנדערע אָרגאַניזאַציאָנען גיבען ניט אַרויס, אַזוי ווי אויפגאַבע פון אַרבייטער רינג איז אַרויסצוגעבען וויסענשאַפטליכע און באַלעהרענדע ביכער, אום צו באַרייכערען די אידישע ליטעראַטור, דאַרום באַשליסט די עקזעקוטיוו אַזאַ בוך ניט אַרויסצוגעבען.

—

עס ווערט אויפגעהויבען די פראַגע וועגען דעם טייל פון דעם גריוועגס קאָמיטע רעפּאָרט פון לעצטען מאָנאַט, וואו עס האַנדעלט זיך וועגען דעם ברענטש, וועלכער האָט אַ באַשלוס דאָס שטיצע איבער 25 דאָלאַר דאַרף באַשטימט ווערען ביי אַ ספּעשעל מיטינג, און ביי איינעם פון זייערע רעגעלע מיטינגען איז באַשלאָסען געוואָרען צו־קויפען באָנדס פון דער „ניו יאָרק קאָל" פאַר 100 דאָלאַר (זעה „פריינד" פון מאָנאַט מאַי, 1919). פריינד ווייכבלאַט באַריכטעט, אַז אַ פאַרטרעטער פון דער נאַציאָנאַלער גריוועגס קאָמיטע איז אַנוועזענד געוועזען ביי יענעם ברענטש מיטינג, און עס צייגט זיך אַרויס, אַז יענער באַשלוס איז בלויז וועגען שטיצען מיטגליעדער, אָבער ניט וועגען אויטסייד שטיצע, אָדער וועגען מאַכען אינוועסטמענטס. די גאַנצע פראַגע איז ביי יענעם מיטינג פון ברענטש געשליכטעט געוואָרען.

דער טשערמאַן, פריינד אב. עפּשטיין, מאַכט אויפמערקזאַם, אַז די נאַציאָנאַלע גריוועגס קאָמיטע האָט אין אַזאַ פאַל געדאַרפט פריהער רעפּאָרטען צו דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע, איידער זי גיט אַרויס איהר ענטשיידונג.

—

עס ווערט אויך פאַרהאַנדעלט די פראַגע וועגען די רעקאָמענדיישאָן פון דער אָפיס קאָמיטע פון לעצטען מאָנאַט (זעה „פריינד" פון מאַי 1919), עס זאָל אָפּגעשאַפט ווערען די יעצטיגע סיסטעם פון אָננעהמען אַפּליקיישאָנס פון דעם 15טען פון 3טען מאָנאַט אין קוואַרטאַל ביז דעם 1טען פון ערשטען מאָנאַט פון קומענדען קוואַרטאַל און איינפיהרען, אַז יעדע אַפּליקיישאָן, וואָס וועט אַריינקומען אין אָפיס פון דעם 15טען פון דעם 3טען מאָנאַט אין קוואַרטאַל ביז דעם 1טען פון דעם ערשטען מאָנאַט אין קוואַרטאַל, זאָל גלייך איינגעפיהרט ווערען אין די ביכער, און דער ברענטש זאָל פאַר די נייע מעמבערס געטשאַרדזשעט ווערען. עס ווערט באַשלאָסען אָנצונעהמען די רעקאָמענדיישאָן פון דער אָפיס קאָמיטע, און לאָזען וויסען די ברענטשעס דורך אַ צו־שריפט, אַז אַלע אַפּליקיישאָנס, וואָס וועלען אַריינקומען אין פאַרלויף פון 15טען מערץ ביז דעם 1טען אַפּריל, אין פאַרלויף פון דעם 15טען יוני ביז דעם 1טען יולי, פון דעם 15טען סעפּטעמבער ביז דעם 1טען אָקטאָבער, פון דעם 15טען דעצעמבער ביז דעם 1טען יאַנואַר, זאָלען גלייך אַריינגעפיהרט ווערען אין די ביכער. אַפּליקיישאָנס, וואָס וועלען אַריינקומען נאָך דער צייט, וועלען אויפגענומען ווערען, ווי ביז יעצט.

—

עס ווערט געמאָלדען, אַז די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט באַשלאָסען איינלאַדען פריינד י. ב. ביילין, דעם רעדאַקטאָר פון „פריינד", צו פאָהרען אין דעטראָיט צו דער קאָנווענשאָן. דער באַשלוס פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

—

אַלס פאַרטרעטער צו דעם 15טען יעהרליכען יובילעאום פון ברענטש 89, וואָס ווערט געפייערט דעם 26טען אַפּריל, ווערט ערוועהלט פריינד וואָלאָוויץ.

—

פריינד אב. צוקער דאַנקט די עקזעקוטיוו קאָמיטע פאַר דעם בוקעט בלומען און פאַר דער פריינדליכקייט, וואָס מען האָט צו איהם אַרויסגעצייגט אין דער צייט וואָס ער איז געווען קראַנק.

—

פריינד ווייכבלאַט, טשערמאַן פון דער גריוועגס קאָמיטע, פרעגט ווער עס זאָל האַנדלען וועגען די אַפּיעלס און קלאַגען געגען דעלעגאַטען צום קאָנווענשאָן אין דער צייט ווען די עקזעקוטיוו קאָמיטע וועט שוין מעהר ניט מיטען. עס ווערט איבערגעגעבען צו דער נאַציאָנאַלער גריוועגס קאָמיטע צו האַנדלען וועגען אַזעלכע פעלע.

ס. געליעבטער, רעק. סעק.

—

דער רעגעלער מאָנאַטליכער מיטינג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע ווערט אָפּגעהאַלטען מאָנטאַג אבענד, דעם 19טען מאַי, מיט פריינד אב. עפּשטיין אַלס טשערמאַן.

## צושריפטען

פון בר. 233 — לאַדען איין צו שיקען אַ פאַרטרעטער צו זייער 10טען יעהרליכען יובילעאום, וועלכער וועט געפייערט ווערען זונטאָג, דעם 25טען מאַי. באַשלאָסען באַוויליגען זייער פאַרלאַנג. ער[...] וועהלט פריינד וואָלאָוויץ.

פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע — לאַדען איין אַ פראַטערנאַל דעלעגאַט צו זייער קאָנווענשאָן, וואָס וועט אָפּגעהאַלטען ווערען אין באָסטאָן דעם 30טען און 31טען מאַי און 1טען יוני. פריינד באַסקין ווערט ערוועהלט צו פאַרטרעטען דעם אַרבייטער רינג ביי דער קאָנווענשאָן, צי ער וועט זיין אַ דעלעגאַט פון אַ ס. פ. ברענטש צי ניט.

אַ טעלעגראַמע פון דער קאָנווענשאָן קאָמיטע אין דעטראָיט — זיי ערקלערען, אַז זיי האָבען אַ דעפּאָזיט פון $1,900.00, און זיי בעטען אַז מיר זאָלען דעקען אַ טייל פון דעם דעפּאָזיט. זיי מעלדען אויך אַז זיי שיקען אַרויס אַ פולען שריפטליכען רעפּאָרט וועגען אַלע אויסגאַבען. עס ווערט באַשלאָסען איבערצוגעבען די זאַך צו דער אָפיס קאָמיטע, און זיי באַאויפטראַגען אויסצוצאָהלען ביז 500 דאָלאַר נאָכדעם ווי זיי וועלען דורכקוקען דעם שריפטליכען רעפּאָרט פון דער דעטראָי[...]טער קאָנווענשאָן קאָמיטע.

## קאָמיטעס

פון בר. 28 — לאַדען איין אַ פאַרטרעטער צו זייער 16טען יעהרליכען יובילעאום, וואָס ווערט געפייערט דעם 24טען מאַי. באַשלאָסען באַוויליגען זייער פאַרלאַנג. ערוועהלט פריינד גאָלדינג.

פון בר. 195 — פריינד ל. ראָטהמאַן לאַדעט איין צו שיקען אַ פאַרטרעטער צו זייער באַנקעט זונטאָג דעם 5טען ד. מ., וואָס איז אַראַנזשירט געוואָרען לכבוד זייער 11טען יעהרליכען יובילעאום. באַשלאָסען צו באַוויליגען זייער פאַרלאַנג. ערוועהלט פריינד דינערשטיין.

## באַריכטען

פריינד אב. עפּשטיין באַריכטעט, אַז פריינדע באַסקין, געליעבטער און ער זיינען געווען פאַרטראַטען ביי דעם 10טען יעהרליכען יובי[...]לעאום פון בר. 280. זיי האָבען צו דער געלעגנהייט אַראַנזשירט אַ פראַכטפולען באַנקעט, ביי וועלכען עס זיינען אַנוועזענד געווען אַלע מיטגליעדער מיט זייערע פאַמיליען. עס איז געווען אַ שעהנער פאַמיליען־יום־טוב, וואו אַלע האָבען האַרציג פאַרבראַכט דעם אבענד. ער האָט זיי באַגריסט אין נאָמען פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו און זיי געוואונשען ערפאָלג אין זייער ווייטערדיגער טעטיגקייט. פריינד פערלאָוויץ און נאָך איניגע טעטיגע מיטגליעדער האָבען גע[...]קראָגען פּרעזענטען פאַר זייער אונערמיעדליכער טעטיגקייט אין ברענטש. שעהנע סאָווענירס זיינען געגעבען געוואָרען צו אַלע אַנוועזענדע און אויך צו די פאַרטרעטער פון דער עקזעקוטיוו קאָמיטע. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

—

פר. י. ביילין באַריכטעט, אַז ער איז געווען פאַרטראַטען ביי דער קאָנפערענץ, וואָס איז אָנפאַנגס פאַררופען געוואָרען פון דעם י. ל. פּרץ פאַראיין וועגען שאַפען אַ פּראָטעסט־באַוועגונג געגען די פּוילישע פּאָגראָמען. אום צו דעקען די נויטיגע אויסגאַבען האָבען די פאַרטרעטער וואָס זיינען ביי דער קאָנפערענץ אַנוועזענד געווען, גלייך בייגעשטייערט געוויסע סומען. ער האָט בייגעשטייערט 10 דאָלאַר.

פריינד ביילין ערקלערט, אַז ער איז אויך געווען פאַרטראַטען צום יובילעאום פון בר. 501 און זיי באַגריסט אין נאָמען פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

—

פריינד יעלין באַריכטעט, אַז ער איז געווען באַאויפטראַגט פון פריינד געליעבטער צו זיין פאַרטראַטען ביי בר. 295. ער איז דאָרט געווען און זיי באַגריסט אין נאָמען פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו. זיי האָבען פאַרשפּראָכען ביז דעם נעקסטען יעהריגען יובילעאום צו פאַרדאָפּלען זייער מעמבערשיפּ. זיי האָבען באַדאַנקט די עקזעקוטיוו קאָמיטע פאַר שיקען צו זיי אַ פאַרטרעטער. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

—

פריינד וואָלאָוויץ באַריכטעט, אַז ער איז געווען פאַרטראַטען ביי דעם באַנקעט פון בר. 89 און זיי באַגריסט אין נאָמען פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע. זיי האָבען פאַרשפּראָכען צו טאָן גוטע אַרבייט. דער רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

—

עס ווערט באַשלאָסען צו שיקען אַ קאָמיטע פון 10 צו דער קאָנווענשאָן־און־פּראָטעסט־מיטינג געגען די פּוילישע פּאָגראָמען פון אַלע אידישע אָרגאַניזאַציאָנען אין ניו יאָרק אויף מיטוואָך דעם 21טען מאַי אין מעדיסאָן סקווער גאַרדען. אַלס קאָמיטע ווערען ערוועהלט[...]

פריינדע אב. עפּשטיין, באַסקין, יעלין, דינערשטיין, דזש, ראָטהמאַן, וואָלאָוויץ, ספּינראד, פּערלשטיין און פריימאַן.

---

עס ווערט באַשלאָסען אַז די אינסטאָליישאָן פון דער ניי־ערוועהלטער קאָמיטע פון אַרבייטער רינג זאָל אָפּגעהאַלטען ווערען מיטוואָך אבענד דעם 28טען מאַי אין עקזעקוטיוו רום.

---

פריינד דזש, ראָטהמאַן, וויס־טשערמאַן פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע, באַריכטעט, אַז די סאַניטאַריום קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו ברענגען צו דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע די פראַגע וועגען אריינגעהמען אַלס באַצאָהלטע פּאַציענטין אַן אַדאָפּטירטע טאָכטער פון אַ מעמבער פון בר. 279. די סאַניטאַריום קאָמיטע רעקאָמענדירט, אַז די באַטרעפענדע זאָל אַריינגענומען ווערען. נאָך אַ קורצער דעבאַטע ווערט באַשלאָסען גוטצוהייסען די רעקאָמענדיישאָן פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע.

דער טשערמאַן, פריינד אב. עפּשטיין, ערקלערט, אַז די עקזעקוטיוו האַנדעלט בלויז אין דעם פאַל, און דאָס דאַרף ניט באַטראַכט ווערען אַלס אַ פּרעצידענט פאַר דער צוקונפט. אין יעדען עהנליכען פאַל וועלען די סאַניטאַריום און די עקזעקוטיוו קאָמיטעס דאַרפען האַנדלען באַזונדער.

פ. געליעבטער, רעקאָרדינג סעקרעטער.

---

## אינסטאָליישאָן פון נאַציאָנאַלער עקזעק. פאַר 1919—1920

פריינד אב. עפּשטיין, טשערמאַן פון דער פריהעריגער עקזעקוטיוו קאָמיטע ערעפענט דעם מיטינג, מיטוואָך, דעם 28טען מאַי, 8 אוהר אבענד.

עס ווערען פאָרגעלעזען די פּראָטאָקאָלען פון לעצטען מאָנאַטליכען מיטינג, וועלכע ווערען גוטגעהייסען מיט דער קאָרעקשאָן, דאָס פריינד עפּשטיין האָט באַריכטעט, אַז ביי דעם יובילעאום פון בר. 280 זיינען אויך אַנוועזענד געווען פריינדע גוסקין, ביילין, דינערשטיין און ל. ראָטהמאַן.

### צושריפטען

פון די פּיפּעלס רעליעף קאָמיטע — זיי מאַכען אויפמערקזאַם, אַז די דזשאָינט דיסטריביושאָן קאָמיטע האָט לעצטענס באַשלאָסען צו שיקען אַ מיליאָן פאַר פּוילען און ליטע און עטליכע הונדערט טויזענד דאָלאַר פאַר אַנדערע לענדער. זיי בעטען דארום, אַז מיר זאָלען צו זיי איבערשיקען אַלע געלדער, וואָס מיר האָבען ביז יעצט קאָלעקטירט. עס ווערט באַשלאָסען איבערצוגעבען צו זיי אַ טשעק אויף 25 טויזענד דאָלאַר.

פון די פּאַראייניגטע אַרבייטער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע — זיי ערקלערען, אַז זיי האָבען אַ געוויסען דעפּיציט אין דער עדיוקיישאָנאַל אַרבייט פון לעצטען יאָהר און פאַרלאַנגען, אַז מיר זאָלען דעקען אַ טייל פון דעם דעפּיציט. עס ווערט באַשלאָסען איבערצוגעבען דיעזען צושריפט צו דער ניי־ערוועהלטער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע.

פון בית־ישראל האָספּיטאַל — זיי באַדאַנקען פאַר די 500 דאָלאַר, וואָס דער אַרבייטער רינג האָט ביגעשטייערט פאַר זייער האָספּיטאַל.

פון דער אַרבייטער רינג קאָאָפּעראַטיווער בעקערייַ אין ניו יאָרק— ערקלערען, אַז זיי קלייבען אַ פאָנד פון 25 טויזענד דאָלאַר צו ערעפענען די אַרבייטער רינג קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי; אַז אַריבער 50 ברענטשעס האָבען זיך שוין אָנגעשלאָסען אָן זייער קערפּערשאַפט. זיי לאַדען איין צו שיקען פאַרטרעטער צו זייער קאָנפערענץ, פאַררופען אויף זונטאָג, דעם 22טען יוני, 2 אוהר נאָכמיטאָג, אין „פאָרווערטס“ האָל. זיי פאַרלאַנגען אויך צו אינדאָרסירען זייער אַרבייט. עס ווערט באַשלאָסען צו באַוויליגען זייער פאַרלאַנג. אַלס פאַרטרעטער צו דער קאָנפערענץ ווערען ערוועהלט פריינד אב. עפּשטיין, דינערשטיין און יודיטש.

פון בר. 317 — לאַדען איין אַ פאַרטרעטער צו זייער 10טען יעהרליכען יובילעאום, וואָס וועט געפייערט ווערען דעם 22כען יולי. באַשלאָסען האַנדלען וועגען דעם ביים נעקסטען מאָנאַטליכען מיטינג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע.

### קאָמיטעס

פון בר. 598 — לאַדען איין אַ פאַרטרעטער צו זייער באַנקעט, דעם 31טען מאַי. ערוועהלט פריינד וויינבלאַט.

פון בר. 75 — פריינד וואָלאָס לאַדעט איין די עקזעקוטיוו צו זיין פאַרטראָטען דורך 2 מיטגליעדער ביי זייער 15טען יעהרליכען יובילעאום, וואָס וועט געפייערט ווערען דעם 5טען יולי. זיי פאַרלאַנגען אויך, אַז מען זאָל זיי געבען אַ שריפטליכע באַגריסונג פאַר דעם זשורנאַל, וואָס זיי גיבען אַרויס. באַשלאָסען באַוויליגען זייער פאַרלאַנג. אַלס פאַרטרעטער צו זייער יובילעאום ערוועהלט פריינדע קאָהען און עפּשטיין.

### באַריכטען

פריינד וואָלאָוויץ באַריכטעט, אַז ער איז געוועזען פאַרטראָטען ביי דעם באַנקעט פון בר. 233 און זיי באַגריסט אין נאָמען פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע. ער האָט אויך אַפּעלירט צו העלפען שאַפען וואָס אַ גרעסערען פאָנד פאַר'ן רעליעף. ס'איז אויפ'ן פּלאַץ קאָלעקטירט געוואָרען 121 דאָלאַר פאַר'ן רעליעף. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

פריינד דינערשטיין באַריכטעט, אַז ער איז געוועזען פאַרטראָטען ביי בר. 195. ער האָט זיי באַגריסט אין נאָמען פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו. זיי האָבען ביי דער געלעגענהייט קאָלעקטירט 50 דאָלאַר פאַר'ן רעליעף פאָנד. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

פריינד וויינשטיין באַריכטעט, אַז ער האָט ניט געקענט זיין פאַרטראָטען ביי בר. 295, און ער האָט זיי געשיקט אַ באַגריסונגס־טעלעגראַמע.

### אינסטאָליישאָן

פריינד באַסקין, דזשענעראַל סעקרעטער פון אַרבייטער רינג, אינסטאָלירט די נייע עקזעקוטיוו קאָמיטע. ער האַלט אַ קורצע רעדע, אין וועלכער ער ערקלערט צווישען אַנדערעס, אַז די ניי־ערוועהלטע עקזעקוטיווע קומט אַריין אין אַמט אונטער פיעל גינסטיגערע אומשטענדען, אונטער וועלכע עס איז אויסגעקומען צו אַרבייטען דער לעצטער עקזעקוטיווע. ער זאָגט אויך, אַז די נייע עקזעקוטיווע וועט זיכער געפינען נייע וועגען און נייע מעגליכקייטען, ווי צו פאַרגרעסערען און צו פאַרשטאַרקען די אָרגאַניזאַציאָן. ער דריקט אויס די האָפנונג, אַז סיי די אַרבייט וואָס האָט אַ דירעקטען שייכות מיט'ן אַרבייטער רינג, סיי אַלגעמיינע געזעלשאַפטליכע טעטיגקייט וועט פון דער עקזעקוטיווע געטאָן ווערען אויף אַ ברייטען מאַסשטאַב. ווי דאָס איז געוועזען דער פאַל מיט די פאַרוואַלטונג קאָמיטעס אין דער פאַרגאַנגענהייט. ער שלאָגט דאַן פאָר צו מאַכען נאָמינײשאָנס פאַר נאַציאָנאַלע בעאַמטע.

פריינד אב. עפּשטיין ווערט ווידער ערוועהלט אַלס טשערמאַן פון אַרבייטער רינג פאַר דעם יאָהר 1920—1919.

פריינד אב. עפּשטיין נעהמט איבער די טשער און באַדאַנקט פאַר דער עהרע וואָס מען האָט איהם צוגעטיילט. ער פאַרשפּרעכט אויך אין דער צוקונפט צו טאָן זיין חלק ניצליכע אַרבייט פאַר'ן אַרבייטער רינג. ער ציהט די אויפמערקזאַמקייט, אַז דיעזען יאָהר וועט די עקזעקוטיווע האָבען אַ גאַנץ היבשע אַרבייט: אָנצופיהרען אַ ברייטע אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבייט, צו פאַרוואַלטען דעם עדיוקיישאָנאַל פאָנד, דעם פאָנד פון די אידישע אַרבייטער רינג שולען א. ד. ג. ער זאָגט, אַז די מיטגליעדער פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו דאַרפען זיך אינטערעסירען ניט בלויז מיט דער אַרבייט פון זייערע אייגענע קאָמיטעס, צו וועלכע זיי וועלען ערוועהלט ווערען, נאָר אויך מיט דער אַרבייט פון די אַנדערע דעפּאַרטמענט קאָמיטעס, אום צו זיין גענוי באַקאַנט מיט דעם גאַנצען אַרבייטער רינג. ער דייטעט אָן, אַז אָבוואָהל אין דער עקזעקוטיווע קומען אַריין אַלטע טוער פון אַרבייטער רינג, דאַרפען זיי אָבער וויסען, אַז דער אַרבייטער רינג איז פאַר די לעצטע עטליכע יאָהר זיך ברייט פאַנאַנדערגעוואַקסען אויף יעדען געביעט פון געזעלשאַפטליכער טעטיגקייט, ווי אויך אין אינערליכע אָרגאַניזאַציאָנס־אַנגעלעגענהייטען. ס'וועט דארום נויטיג זיין פאַר די מיטגליעדער פון דער עקזעקוטיווע צו אַטענדען פיעלע מיטינגען און אָפּגעבען פיעל צייט פאַר אונזער אָרגאַניזאַציאָן. ער פאָדערט דאַן אויף צו מאַכען נאָמינײשאָנס פאַר די איבריגע נאַציאָנאַלע בעאַמטע.

פריינד איזידאָר קאָהען ווערט ערוועהלט אַלס וויס טשערמאַן פאַר 1920—1919.

פריינד מ. פּערלאָוויץ ווערט ווידער ערוועהלט אַלס טרעזשורער פאַר 1920—1919.

פריינד יודיטש, איינער פון קאָנווענשאָן סעקראַטאַריאַט, לעזט פאַר דעם קאָנווענשאָן רעפערענדום איידער ער ווערט איבערגעגעבען צום דרוק. עס ווערען געמאַכט איניגע טעכנישע אויסבעסערונגען און דער רעפערענדום ווערט גוטגעהייסען.

עס ווערט פאָרגעלעזען אַ שריפטליכע רעזיגנאַציאָן פון פריינד מ. גאַרעליק, מעמבער פון בר. 206, וואו ער ערקלערט, אַז ער מוז פאַרלאָזען ניו יאָרק און אַז עס וועט פאַר איהם דארום זיין אונמעגליך צו פאַרבלייבען אין דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו. עס ווערט באַשלאָסען אָנצונעהמען זיין רעזיגנאַציאָן און צוצוציהען אויף זיין פּלאַץ פריינד א. הערשקאָוויץ, וועלכער איז דער נעקסטער אויפ'ן באַלאָט.

עס ווערט באַשלאָסען אויסצואַרבייטען אַ פּעטיציע, וואָס זאָל אויפפאָדערען די קאָנגרעסלייט צו שטיצען די רעזאָלוציע, וואָס איז אַריינגעטראָגען געוואָרען אין קאָנגרעס, דאָס אַמעריקא זאָל פּראָטעסטירען געגען די פּאָגראָמען אויף אידען אין פּוילען און ליטא.

עס ווערט באַשלאָסען צו שיקען אַ באַגריסונגס־טעלעגראַמע צו דער קאָנווענשאָן פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע, אויך אַ באַגריסונגס־טעלעגראַמע צו דער קאָנווענשאָן פון די פאַריערם.

די עקזעקוטיוו טיילט זיך דאַן איין אין קאָמיטעס, וועלכע זיינען ווי פאָלגט:

### אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע

אב. עפּשטיין, א. דינערשטיין, פּ. יודיטש, א. עבעריל, י. ב. סאלוצקי.

### עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע

ב. צביון, ב. קרינסקי, ל. גאלינסקי, א. הערשקאוויץ, ה. בורגין.

### סאַניטאַריום קאָמיטע

ר. גוסקין, מ. פּערלאָוויץ, ל. ראָטהמאַן, מ. קלופּט, דזש. אַשעראָוויץ.

### אָפּיס קאָמיטע

איזידאָר קאָהען, י. ישורן, נ. פריימאן, דזש. מ. ראָזענבלאַט, מ. איבראַמס.

### גריוועגס קאָמיטע

פּ. וואָלאָס, ב. שלפערט, ס. חעסקעל, ס. פּערלשטיין, ל. שלטמאַן.

## בענעפיט קאָמיטע

מ. יאקובי, ז. שפּייער, ס. הייפּערלינג, ה. אראָנסאָן, ל. בײַלין.

עס ווערט באַשטימט, אַז דער קומענדער מאָנאַטליכער מיטינג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע זאָל אָפּגעהאַלטען ווערען דעם ערשטען זונטאג אין מאָנאַט יולי.

פּ. ג ע ל י ע ב ט ע ר , רעקאָרדינג סעקרעטער.

---

א ספּעשעל מיטינג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע פון ארבייטער רינג ווערט אָפּגעהאַלטען מאָנטאג אבענד, דעם 16טען יוני, מיט פריינד אב. עפּשטיין אלס טשערמאַן.

פריינד באַסקין ערקלערט, אַז דער קאָנווענשאָן פאָנד האָט צום 1טען יוני געהאַט אַ דעפּיזיט פון $7,285.66. די בײַשטייערונגען וואָס זיינען באַשטימט געוואָרען פון קאָנווענשאָן, באַטרעפען העכער אַכט טויזענד דאָלאר. ארום טויזענד דאָלאר איז דאָ אויסגאַבען, וואָס זיינען נאָך ניט אויסגעצאָהלט געוואָרען. די אָפּיס קאָמיטע האָט דאַרום באַשלאָסען צו רעקאָמענדירען צו דער עקזעקוטיוו, אַז דער דעפיציט פון קאָנווענשאָן פאָנד זאָל געדעקט ווערען דורך אַ ספּעשעל אַסעסמענט פון 30 סענט פער מעמבער, איינגעטיילט אויף צוויי קוואַרטאַלען צו 15 סענט אַ קוואַרטאל. נאָך אַ קורצער דעבאַטע ווערט באַשלאָסען גוטצוהייסען די רעקאָמענדיישאן פון דער אָפּיס קאָמיטע.

## קאָמיטע

פריינד דר. דזש. האַלפּערן ווענדעט זיך אין נאָמען פון דער קאָמיטע פאַר דער פאַרטיידיגונג פון אידען אין פּוילען — ער ערקלערט, אַז ס'איז נויטיג צו ברענגען אין דער עפענטליכקייט די פראַגע וועגען די פּוילישע פּאָגראָמען. און דאָס איז אַן אַרבייט וואָס איז פאַרבונדען מיט אונגעהויערע אויסגאַבען. זיי פאַרלאַנגען דארום, אַז די נאַצ. עקזעקוטיוו זאָל זיך ווענדען מיט אַ צושריפט צו אַלע ברענטשעס פון אַ. ר. צו אונטערשטיצען פינאַנציעל זייער טעטיגקייט. — באַשלאָסען צו באַוויליגען זייער פאַרלאַנג.

## לעגאל קאָמיטע

עס ווערט באַשלאָסען צו ערוועהלען אַ לעגאַל קאָמיטע פון פינף, וועלכע זאָל זיך אָפּגעבען מיט דער ווייטערדיגער לעגאַליטעט אַרבייט. ס'ווערען ערוועהלט פריינדע עפּשטיין, גוסקין, ישורין, פריימאן און קאָהן.

## וועגען רעליעף

פריינד עפּשטיין ערקלערט, אַז לעצטען יאָהר האָט דער אַרב. רינ[ג] פּאַקטיש קאָלעקטירט אַרום 30 טויזענד דאָלאר פאַר'ן רעליעף. ער זאָג[ט] אַז די עקזעקוטיוו דאַרף יעצט באַשליסען וואָס צו טון אין באַצו[ג] ווייטערדיגער רעליעף אַרבייט.

עס ווערט איינשטימיג באַשלאָסען צו שאַפען דיעזען יאָהר [5]0 טויזענד דאָלאר פאַר'ן רעליעף און פאַר די קרבנות פון די פּאָגראָמ[ען] ס'ווערט אויך באַשטימט צו ערוועהלען אַ רעליעף קאָמיטע פון פינף וועלכע זאָל אויסאַרבייטען פלענער פאַר דער טעטיגקייט און אָנפיהר[ען] דעם רעליעף קאמפּיין.

אין דער קאָמיטע ווערען ערוועהלט פריינדע עבעריל, קלופּט, גא[...] לינסקי, בײַלין און הייפּערלינג. עס ווערט פאַרשטאַנען, אַז פר[יינד] עפּשטיין, דער טשערמאַן פון דער עקזעקוטיוו, זאָל אויך זיין אַ מיט[־] גליעד פון דער קאָמיטע.

## קאמפּיין פאַר 20,000 מעמבערס

פריינד דינערשטיין, טשערמאַן פון דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַ[־] ציאָנס קאָמיטע, רעפּאָרטעט, אַז זיי האָבען באַשלאָסען אָנצופיהר[ען] דיעזען יאָהר אַן אָרגאַניזאַציאָנס קאַמפּיין צו קומען צו דער קומענדע[ר] 20טער קאָנווענשאָן מיט אַ פאַרגרעסערטער אַרמעע פון 20 טויזענ[ד] מעמבערס. דער קאמפּיין זאָל אָנגעפיהרט ווערען ביז דער קאָנווענשאָן.

דער רעפּאָרט ווערט מיט באַגייסטערונג אויפגענומען און גו[ט] געהייסען פון דער גאַנצער עקזעקוטיוו.

פר. דינערשטיין בעט אויך צו ערוועהלען אַ פאַרטרעטער צו דע[ר] עקסקוירשאן פון דער נוּאַרק דיסטריקט קאָמיטע, אַראַנזשירט אוי[ף] דעם 29טען יוני. ערוועהלט פר. קאָהן.

## פּובליסיטי קאָמיטע

עס ווערט באַשלאָסען, אַז די פּובליסיטי קאָמיטע זאָל באַשטעה[ן] פון די דעפּאַרטמענט קאָמיטעס צוזאַמען מיט דעם טשערמאַן פון דע[ר] נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו.

---

עס ווערט באַשלאָסען, אַז דער נעקסטער מיטינג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע זאָל אָפּגעהאַלטען ווערען מיטוואָך אבענד, דע[ם] 2טען יולי.

פּ. ג ע ל י ע ב ט ע ר , רעקאָרדינג סעקרעטער.

---

## א טעלעגראַמע, געשיקט צו דעבס'ן אין פריזאָן, פון די שיקאַגאָ'ר אידישע סאָצ. אַרבייטער רינג שולען:

מיר, די קינדער פון די טעגליכע אידישע סאָציאַליסטישע אַרבייטער רינג קינדער־שולען, 600 אין צאָהל, האָבען זיך פאַרזאַמעלט היינט, זונטאג, דעם 4טען מאַי, אין שיקאַגאָ, צו פייערען די ערעפנונג פון די שולען. אויף אונזער יום־טוב האָבען מיר אייך דערמאָנט, ליעבער טייערער זיידע, ווי גרויס אייער ליעבע איז צו די אַרבייטער און זייערע קינדער. מיר שיקען אייך אונזער הארציגען וואַרימען גרוס. מיר ווייסען פאַר וואָס די רייכע שרעקען זיך פאַר אייך. מיר פאַרשטעהען שוין ווי אייך צו שעצען און ליעבען. מיר פאַרזיכערען אייך, ליעבער זיידע, אַז אייערע איניקלעך וועלען אויפנעהמען און ווייטער פיהרען דעם קאַמף פון פרייהייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט מיט דער זעלבער איבערגעבענהייט און טרייהייט, ווי איהר האָט עס געטאָן אייער גאַנצען לעבען.

---

די פעדעראַציע פון די אידישע קאָאָפּעראַטיווען בעט אונז באַקאַנט צו מאַכען צו אַלע אונזערע ברענטשעס און מיטגליעדער, אַז עס איז שוין ערשיענען דער 4טער נומער פון דער „קאָאָפּעראַטיווער וועלט" מיט אַ רייהע וויכטיגע אָפּהאַנדלונגען וועגען קאָאָפּעראַטיווע פּראָבּלעמען אין דער טעאָריע און פּראַקטיק פון פיליפּ קראַנץ, א. ה. גראַף, י. ב. בײַלין, א. ש. זאַקס, אהרן סטאָלינסקי און ר. ראָפּמאַן, אויסער אַ רייהע אינטערעסאַנטע באַריכטען וועגען פאַרשיעדענע אידישע קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען. דער פּרייז איז 5 סענט אַ קאָפּיע, און די ברענטשעס וואָס וועלען אָרדערען קאָפּיעס פאַר אַלע זייערע מעמבערס וועלען ניט נאָר לייסטען מיט דעם אַ גרויסע פאַרדיענסט פאַר די מעמבערס מיט דעם, וואָס זיי וועלען זיי צושטעלען אַ ווירקליך אינטערעסאַנטען זשורנאַל, נאָר וועלען אויך ערפילען דעם פליכט וואָס די אַ. ר. קאָנווענשאָן האָט יעצט אַרויפגעלעגט אויף די מעמבערס פון אַ. ר. צו שטיצען אַלע אונטערנעהמונגען פון דער אידישער קאָאָפּעראַטיווער פעדעראַציע.

## דרוק-פעהלער

אין מאַי נומער „פריינד", זייטע 19, אין דער טאַבעלע וועג[ען] צואוואוקס אָדער פאַרלוסט פון מעמבערס שטעהט, אַז ראָטשעסטער הא[ט] געהאַט אַ אָנפאַנג יאָהר 782 מעמבערס און ענדע יאָהר 585, אַ פאַר[־] לוסט פון 197 מעמבערס. עס דאַרף זיין: אָנפאַנג יאָהר האָט ראָ[־] טשעסטער געהאַט 598 מעמבערס, ד. ה. אַ פאַרלוסט פון 8 מעמבערס.

## די צאָהל פון קאָנסאָמפּטיוו מעמבערס זינט 1904

| יאָהר | צאָהל מעמבערס קלאַס 1, 2 און 4 | קאָנסאָמפּטיווס: צאָהל | קאָנסאָמפּטיווס: % |
|---|---|---|---|
| 1904 | 4285 | 10 | .234 |
| 1905 | 4720 | 10 | .212 |
| 1906 | 7024 | 23 | .327 |
| 1907 | 7703 | 27 | .351 |
| 1908 | 12171 | 56 | .460 |
| 1909 | 19429 | 134 | .689 |
| 1910 | 30024 | 194 | .645 |
| 1911 | 32457 | 223 | .687 |
| 1912 | 34009 | 233 | .684 |
| 1913 | 37204 | 163 | .437 |
| 1914 | 40442 | 200 | .494 |
| 1915 | 43579 | 173 | .397 |
| 1916 | 48659 | 155 | .319 |
| 1917 | 52542 | 205 | .390 |
| 1918 | 56330 | 164 | .273 |

זיי זיינען ברוים געננוג
די טויערען פון רוהם,
און הויך און שעהן געווים,
באפראנזט מיט גלאנץ און שיין —
דאך קען נישט יעדער איינער
צו יעדער צייט אריין...

און מעגט איהר זיין ווי פיין,
ווי קלוג, ווי גוט, ווי פרום —
אויב איהר האט עס נישט פארדיענט
מיט שווערער מיה און פיין,
מיט טרייהייט, איבערגעבענהייט —
וועט איהר קיינמאל דא נישט זיין!

# דאנק רעזאלוציאנען

ביי אונזער ספּעציעלען מיטינג איז באשלאסען געווארען אויסצו־
...ריקען אונזער הערצליכען דאנק צום ברענטש 957 א. ר., „הארפע", פאר
...יער לייסטען און גוטע ארבייט וואס זיי טוען מיט דעם וואס זיי
...יקען אונז פון צייט צו צייט דעקלאמאטארס, פארלעזער און זינגער,
...ון וועלכע מיר האבען א גייסטיגען פארגעניגען, פארברענגענדיג א
...עהנעם און דערצו אמוזירענדען אבענד.

מיר האפען, אז אויך אין דער צוקונפט וועלען זיי מיט פארגע־
...יגען פארטזעצען זייער גוטע ארבייט. ה. מעניין, סעק.

מיר, די מעמבערס פון בר. 262 א. ר., באדאנקען הערצליך אלע
...ריינדע פון דער קאמיטע וואס האט אראנזשירט אונזער 10 יעהריגען
...ובילעאום און באנקעט, אבער א ספּעציעלען דאנק דריקען מיר אוים
...ו די פריינדינס מרס. ראגאף און מרס. לעסער, וועלכע האבען געטאן
...עט די גאנצע ארבייט אליין און וועלכע האבען דורך זייער מיה גע־
...אכט דעם באנקעט אזוי שעהן און גרויסארטיג, ווי עס פאסט פאר אן
... ר. ברענטש, וואס פייערט זיין צעהן־יעהריגען עקזיסטענץ, און אין
...לגעמיין האבען זיי מיט ערפאלג דורכגעפיהרט, אז די שטימונג אויף
...עם באנקעט זאל זיין א יום־טוב'דיגע.

מיר באשליסען זיי צו פרעזענטירען מיט אזא פרעזענט, ווי זיי
...אבען פארדיענט. דערביי איז ווערטה צו באמערקען, אז ביי דיזען
...אנקעט איז געשאפען געווארען 25 דאלאר פאר די מלחמה קרבנות.
די רעזאלוציאנס קאמיטע בר. 262.

מיר, די מעמבערס פון בר. 522 א. ר., דריקען אוים אונזער הערצ־
...יכען דאנק צו אונזער עדיוקיישאנאל קאמיטע פאר די גוטע ארבייט
...אס זי האט געלייסטעט צו אונזער ברענטש פאר די לעצטע זעקס מאָ־
...אטען, און מיר האפען אויך אויף ווייטער, דאס די קאמיטע וועט
...רבייטען צום וואהל און בעסטען פאר אונזער ברענטש.
ברענטש 522 א. ר.

אין אנבעטראכט, דאס אונזער געוועזענער סעקרעטער פר. בארנעט
...אקאלסקי האט פאר דער צייט וואס ער איז א מיטגליעד פון אונזער
...רענטש, און איבערהויפּט פאר די לעצטע פיער יאהר זייענדיג פינאנס
...עקרעטער פון אונזער ברענטש, האט אנגעווענדעט אלעם וואס עס איז
...געווען אין זיין מאכט צו מאכען אונזער ברענטש גרעסער, רייכער און
...עסער, און אז ער איז יעצט, צוליעב עקאנאמישע אורזאכען, געוועזען
...געצוואונגען צו רעזיגנירען פון זיין אמט, דארום זיי עס באשלאסען
...ויסצודריקען אונזער דאנק און אנערקענונג פאר זיין גוטער ארבייט
...יז יעצט, האפענדיג אז אויך אין דער צוקונפט וועט ער פארטזעצען
...יין ארבייט פאר'ן ארב. רינג.
סעם דאוויס, סינ. סעק. בר. 488 א. ר.

א הערצליכען דאנק ווילען מיר אויסדריקען צו פר. גערשאנאף
...ון דער דזש. עקז. קאם. פאר זיין באזוך אין פאטנאם, זונטאג דעם
2טען דעצ., און ברענגענדיג פריעדען אין אונזער בר.
י. ראזענוואלד, פינ. סעק. בר. 612.

מיר, די מעמבערס פון בר. 398 א. ר., דריקען אוים אונזער הערצ־
...יכסטען דאנק צו אונזער מעמבער און פריינד מ. בירענבאום פאר
...יין ארבייט אלס סעק. פאר דעם 73טען קווארטאל, און מיר האפען,
...ז יעצט וועט ער פונקט אזוי פיעל ארבייט טון ווי פריהער.
א. ראזענטאל, סעק.

מיר דריקען אוים אונזער בעסטען און טיעפסטען דאנק צו אלע
פעטערסאנער געגאסען און פריינד, ווי אויך צו אלע פעטערסאנער אר־
גאניזאציעס, פאר זייער שטענדיגער הילף צו דער אידיש־סאציאליס־
טישער קינדער־שולע אין פעטערסאן, וועלכע העלפען אונז צו יעדער
צייט ווען מיר נויטיגען זיך אין זייער הילף, סיי מאטעריעל סיי
מאראליש...

פאר די אידיש־סאציאליסטישע קינדער־שולע אין פעטערסאן
יואל שטארק, סעקרעטער.

ביי א ספּעשעל מיטינג פון אונזער ברענטש איז באשלאסען גע־
ווארען אויסצודריקען אונזער דאנק צו אונזער געוועזענעם סעק.
טשארלי מענהאף, זייענדיג פינקטליך איבערגעבען צו דער ארבייט.
מיר האפען אז זיין טעטיגקייט וועט ווייטער אנגעהן פאר דעם א. ר.
ווי פאר דער ארבייטער־באוועגונג אין אלגעמיין.
מ. מינדלין און א. העק, סעקרעטערע.

* * *

מיין הארציגסטען דאנק צו די יעניגע, וועלכע איך בין פיעל
שולדיג פאר דער פארבעסערונג פון מיין לאגע, וואס איך האב שוין
געהאלטען פאר א האפנונגסלאזע. אפזייענדיג אין אונזער וואונדער־
ליכען סאניטאריום מיין טערמין פון 9 מאנאטען, געה איך ענדליך
ארוים פול מיט האפנונגען און גלויבען אין א נייע לעבען, איך פיהל,
אז איך בין אויפ'ס ניי געבוירען געווארען און מיין צווייטע מאמע
איז דאריבער אונזער שעהנער א. ר. סאניטאריום, א טאכטער פון
אונזער גרויסען א. ר., פאר וועלכען איך וועל ארבייטען ביז די לעצטע
טעג פון מיין לעבען.

מיין הייסעסטען דאנק צו אונזער אונפארגליכבארער סאניטאריום
קאמיטע פאר זייער איבערגעבענער ארבייט און מיה צו מאכען פונ'ם
סאניטאריום דאס וואס ער איז.

מיין באזונדערען דאנק און פארעהרונג צו אונזער אל־באליעב־
טען טשערמאן פון דער סאניטאריום קאמיטע, פריינד גוסקין. מיינע
בעסטע וואונשען און טיעפע דאנקבארקייט צו אונזערע נאבעלע און
באליעבטע דאקטוירים, דר. ראזענבערג און דר. היבש, פאר זייער
ערענסטער און אונערמיעדליכער ארבייט פאר די פאציענטען פון אונ־
זער סאניטאריום.

פיעל דאנק צו אלע אנגעשטעלטע פון דער אינסטיטוציע.
מיט אכטונג און דאנק
פריינד ליעבמאן, בר. 61.

מיר, די מעמבערס פון בעטלעהעם בר. 474 א. ר., דריקען אוים
אונזער הערצליכען דאנק צו אונזער פריינד איז. וואלפסאן פאר זיין
טרייער ארבייט פאר די לעצטע 9 מאנאטען אלס פינ. סעק. פון אונזער
ברענטש. ברענטש 474 א. ר.

ביי א גוט־באזוכטען מיטינג, דעם 17טען מארטש 1919, איז איינ־
שטימיג באשלאסען געווארען צו באדאנקען די „אירווינג קינסטלער
געזעלשאפט" פאר דעם גייסטיגען פארגעניגען וואס זיי האבען אונז
פארשאפט מיט זייער שפּיעלען אין „דעם שמיעד'ס טעכטער" צו אונזער
אונטערנעהמונג דעם 7טען מארטש. בר. 148 א. ר.

ביי א מיטינג פון בר. 126 א. ר. איז איינשטימיג באשלאסען גע־
ווארען אויסצודריקען א הערצליכען דאנק צו אונזער עקס פינאנס
סעק. פריינד ב. קארפ, וועלכער האט צוליעב קראנקהייט געמוזט אויפ־

געבען דעם אמט אלס סעק. מיר ווינשען איהם שנעל געזונד צו ווערען און ער זאל ווידער קענען נעהמען א טיכטיגען אנטייל אין אונזער ברענטש.
ל. יוכענבעם, סעק. בר. 126.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 554 א. ר., ביי אונזער מיטינג דעם 24טען פעב., באדאנקען הערצליך אונזער טרעזשורער פריינד מאררים דראפקין, וועלכער האט צוליעב ביזנעס־אנגעלעגענהייטען געמוזט רע־זיגנירען פון זיין אמט.
פאול איצקין, סעק.

---

די מעמבערס פון בר. 106 דאנקען זעהר די געוועזענע בעאמטע, דעם פינ. סעק. פריינד קאדיש און פריינד בערגער פאר זייער טיכ־טיגער ארבייט. דער ברענטש האט אויך באשלאסען צו געבען פריינד קאדיש א פאונטען־פען אלס אנערקענונג פאר זיין טיכטיגער ארבייט, וואס ער האט געטאן פאר בר. 106.
בר. 106 א. ר. ל. שטיין און ד. ראזען.

---

ווערטהע רעדאקציע:
איך וויל דא אין עטליכע ווערטער אויסדריקען מיין הערצליכען דאנק צום רעד. י. ב. ביילין פאר זיין גוטען, טרייסטליכען און אמת'־דיגען ארטיקעל „די וואנד פון מאונדסוויל", וועלכעס איז געוועזען א היילונג אויף מיין פארוואונדעט הארץ פון דער שארפער „גערעכטיג־קייטס" שווערד איבער דעם גרויסען גייסט פון אונזער יונג־אלטען דעבס. יישר כח כם ביילין! איהר'ט אויסגעדריקט אונזער אלעמענס געפיהלען.
מיט פריינדליכען גרוס,
י. גרובער, מעמבער בר. 3, ברוקלין.

---

בר. 348 — $2.50; ברענטשעס 154 און 495 צו $2.25; ברענטשעס 32 ל. ל. און 611 צו 2 דאלאר; בר. 23 ל. ל. — $1.50; בר. 228 און 317 צו $1.60; ברענטשעס 17, 42, 8, 16, 12, 24, 28, 43, 20, 45, 36, 4, 25, 21, 7 און 13 ל. ל. און בר. 266, 390, 394, 365, 611, 287, 532, 414, 313, 54, 452, 327, 228, 319, 219, 279, 331, 343, 483, 79, 573, 94, 324, 474, 6, 602, 580, 610 און 386 צו $1.50; בר. 441 — $1.65; ברענטשעס 11, 395, 216, 114, 106, 577, 341, 320, 92, 362, 123, 105, 603, 27, 137, 599, 311, 26 ל. ל., 245, 29, 112 און 349 צו 1 דאלאר; בר. 537 און 143 צו $1.05; בר. 11 און 603 צו $1.10; בר. 484 —$1.25; בר. 188 און 484 צו $1.05; בר. 336 — $1.20; בר. 71 90 סענט; בר. 28, 500, 436, 63 און 211 צו 60 סענט; בר. 185, 251, 545 און 417 צו 75 סענט; בר. 200, 413, 24, 19, 107, 116, 110, 80, 10, 209, 70, 39, 53, 566, 198, 119, 457, 208, 522, 569, 315, 295, 16, 232, 253, 326, 45, 120, 576, 37, 565, 288, 34, 46, 594, 606, 240, 48, 426, 367, 42, 195, 143, 496, 278, 47, 13, 529, 183, 312, 121, 209, 23, 22, און 26 צו 50 סענט; בר. 145 און 369 צו 90 סענט; בר. 4 — 40 ס.; בר. 447 — 25 סענט.
מיר דאנקען הערצליך אלע ברענטשעס, וואס האבען זיך אפגערופען אויף אונזער אפיעל פאר אונזער קראנקען מעמבער.
בר. 516. פייגין, קאנאפסקי, קלארק, ראזען און וועלטמאן, רעליעף קאמיטע.

---

די פאלגענדע ברענטשעס האבען געשטיצט דעם אפיעל פון בר. 540 א. ר., שיקאגא, איל., פאר זיינע צוויי קראנקע מעמבערס:
בר. 545 — 50 דאלאר; בר. 115 — $2.10; בר. 348, 376, 495 צו 2 דאלאר; בר. 104 — $1.75; בר. 483, 533 צו $1.50; בר. 61. 287 צו $1.25; בר. 90 — $1.20; בר. 11 — $1.10; צו 1 דאלאר: בר. 7, 8, 19, 21, 27, 29, 36, 46, 52, 54, 62, 64, 65, 68, 71, 79, 88, 92, 116, 120, 123, 127, 131, 135, 143, 145, 156, 158, 161, 163, 166, 170, 176, 178, 185, 187, 189, 216, 245, 254, 264, 265, 266, 276, 288, 319, 327, 331, 374, 380, 383, 385, 390, 391, 403, 413, 414, 418, 422, 433, 437, 446, 474, 478, 484, 497, 521, 522, 527, 531, 541, 544, 541, 552, 554, 557, 565, 567, 568, 569, 570, 573, 577, 594, 597, 599, 604.
ווינדזאר, קאנאדא, 1 דאלאר (געסיינט דז. מאלינסקי). צו 60 סענט: בר. 80, 500, 586. צו 50 סענט: בר. 10, 22, 23, 24, 28, 30, 35, 42, 45, 53, 63, 70, 84, 87, 94, 96, 99, 101, 105, 107, 110, 119, 121, 133, 140, 154, 157, 169, 174, 183, 193, 196, 208, 209, 220, 222, 225, 228, 234, 240, 242, 251, 259, 263, 278, 295, 304, 312, 315, 316, 317, 320, 351, 362, 367, 369, 382, 397, 416, 426, 429, 431, 438, 450, 457, 470, 496, 506, 510, 529, 534, 537, 579, 580. צו 25 סענט: בר. 518.
מיט דאנק, ד. פארטעס, סעק. בר. 540.

---

ביימרעגע צו דעם פאנד פון די פרוי פון אונזער געשטארבענעם פריינד ל. סטופניצקי, אויסער די 400 דאלאר פון די אלגעמיינע א. ר. אינשורענס. מיר דאנקען אלע פריינדע פאר דיעזער באטייליגונג.
בר. 312 א. ר. פ. בלאק, סעק.

דז. בערמאן, פ. פערלמאן י. קוזניטץ צו 10 דאלאר; מ. ראזענ־בערג — 6 דאלאר; דז. אפעלבוים, פה. בראון, וו. ברויער, ס. בראון, א. ברעסלאוו, נ. בורינג, פ. בלאק, מ. גאלדבערג, דז. גאלד, ס. זיסקינד,
פ. זאנגוויל, א. טרעשאנסקי, ה. לעווין, ל. מארקוס, א. מארים,
סרעבראניג, מ. סילווערבערג, א. ספיוואק, טש. פארבער, מ. פיינבע
וו. פארטאס, א. קויפמאן, דז. קאפלאן, ה. קאפלאן, ר. ראזענבלום,
ראזענבלום, א. שניידער, ל. שייפער, דז. שוינבערג, ס. שארפ — צו
דאלאר; ה. בערגער, א. ברייען, ח. ברייען, ד. לאזאראוו, נ. מורא
טשיק, מ. מיינער, מ. מאלקין, א. נאוויק, ס. סרעבראניג, מ. סאל
נ. קאדישעוויטץ, ס. ראטשטיין — צו 3 דאלאר; דז. מארקאווי
ס. צימערמאן — צו $2.50; י. ברענער, וו. גאלד, ה. העמש
ר. וואגנער, ב. וואלמאן, ל. טשערי, ח. ליבערמאן, ה. לייט, י. נעמ
ה. סילווערשטיין, מ. סיגעל, מ. סטאהל, א. סאכארין, א. עפשטי
פ. ענגעלבערג, דז. פאלסקי, ב. קופער, א. קאפלאן, י. קריגער,
קאטץ, א. קאפעלאוו, ה. קליין, וו. קליין, י. ריטצמאן, סאל. ראזענב
י. שרייבער, ל. שלום, ב. שייפער, ס. שוינקמאן — צו 2 דאלאר;
אמיל, א. איוווענסקי, י. בלום, ב. דזשעקסאן, י. וואלאדאווסקי,
יערגין, ח. מארגאלין, ס. פלעטשנאוו, מ. קאפלאן, דז. ראזענבל
אל. ראזענבלום — צו 1 דאלאר. טאטאל 303 דאלאר.

---

מיר, די אונטערגעשריבענע, דאנקען אלע פריינד פון די פאלגענ
ברענטשעס פאר זייער מיטהילף צו אונזער קראנקען פריינד פון פ
לאדעלפיא.
מיט פריינדליכען גרוס,
אויגוסט בעבעל בר. 521 א. ר.
ב. קאהן, סעק. דזש. נעכאוויטש, טרעז

ברענטשעס 390, 118 און בר. טשאטאניגא, טענג., צו 1.50
ברענטשעס 398, 334, 94, 372, 242, 169, 444, 540, 577, 42
437, 520, 370, 114, 193, 374, 414, 29, 175, 369, 469, 500, 0
564, 288, 587, 421, 135, 348, 516, 161, 441, 3, 7, 479, 6
483, 19, 110, 567, 79, 240, 92, 403, 380, 187, 62, 11, 23
219, 513, 54, 263, 45, 492, 21, 238, 347 און פון מעיוואוד צו 1 דא
בר. 80, 60 ס. ברענטשעס 316, 481, 112, 545, 105, 295, 76, 37
351, 315, 208, 120, 187, 116, 274, 198, 170, 580, 174, 94
251, 552, 326, 320, 10, 98, 87, 278, 554, 362, 488, 522, 3
438, 157, 565, 416, 209, 71. 70, 121, 143, 228, 127, 264, 18
304, 434, 367, 340, 133, 349, 84, 192, 576, 119, 42, 422, 29
573, 39, 534, 569, 166, 132, 197, 24, 107, 586, 457, 48, 66
510, 64, 63, 194, 22, 195, 47, 162, 541, 312, 96, 317, 496, 8
106, 234, 290, 140, 344, 570, 606, 23, 292, 65 און 13 צו 50
ברענטשעס 603 און 447 צו 25 ס. טאטאל $113.10.

---

פאלגענדע ברענטשעס האבען זיך אפגערופען אויף אונזער הילפ
רוף און האבען אריינגעשיקט זייערע דאנײשאנס:
92, 90, 114, 560, 246, 297, 553, 287, 79, 495, 446, 30
197, 265 צו 1 דאלאר. בר. 261, $1.25. ברענטשעס 278, 48
570, 264, 140, 116, 274, 132, 484, 94, 183, 195, 88, 529, 0
39, 208, 573 120, 569, 272, 531, 64, 35, 157, 488, 143, 20
65, 228, 29, 271, 351, 115, 518, 266, 326, 63, 483, 169, 34
87, 418, 390, 10, 611, 447, 30, 568, 242, 222, 413, 295, 67
42, 27, 107, 362, 154, 510, 541, 319, 162, 70, 52, 127, 24, 98
170, 554, 506, 161, 547, 216, 522, 45, 431, 457, 13, 315, 09
104, 121, 135, 305, 193, 414, 23, 304, 316, 383, 416, 599
496, 240, 220, 234, 47, 112, 344, 175, 96, 534, 426, 382, 97
און 349 צו 50 ס. בר. 516 75 ס. ל. קאול, 50 ס. דזש. פאוולאו
50 ס. ברענטשעס 166, 603, 447 און 386 צו 25 סענט.
מיר דאנקען הערצליך אלע ברענטשעס פאר די הילפע.
ברענטש 576. מ. גאלדשטיין, פינ. סעק.

---

קוויטירונגען פון יאגוסטאווער בר. 77 א. ר.

בר. 383, $3.50; בר. 392, 2 דאלאר; בר. 26, 2 דאלאר; ב
545, $1.50; בר. 604, $1.25..
צו דאלאר: ברענטשעס 11, 27, 38, 46, 49, 65, 78, 79, 88, 92
104, 105, 106, 119, 112, 130, 137, 157, 161, 169, 175, 182, 98
207, 210, 212, 215, 228, 244, 259, 2,79, 284, 296, 312, 314, 19
317, 383, 414, 425, 435, 441, 475, 498, 500, 506, 535, 541, 52
573, 599, 603, 606, 69, 610, 613.
צו 50 סענט: ברענטשעס 6, 7, 10, 18, 19, 22, 24, 28, 29
35, 37, 39, 42, 45, 47, 53, 60, 62, 69, 70, 80, 84, 87, 99, 101
107, 118, 119, 121, 123, 127, 132, 138, 134, 136, 140, 159, 162
178, 183, 187, 197, 205, 208, 209, 214, 220, 225, 232, 234, 240
242, 245, 249, 250, 251, 253, 261, 264, 266, 274, 278, 281, 287
288, 290, 302, 304, 308, 311, 315, 316, 317 318, 320, 326, 331
349, 362, 373, 390, 397, 403, 410, 413, 416, 417, 418, 422, 427
431, 422, 457, 470, 473, 481, 484, 486, 488, 496, 516, 522, 525
529, 530, 531, 540, 544, 554, 556, 564, 576, 594, 612.
צו 25 סענט: ברענטשעס 71 און 447.
אין נאמען פון קראנקען פריינד דאנקען מיר די אלע ברענטשע
פאר זייער פריינדליכער הילף.
מיט גרוס, דזש. מארקסאן, סעק.

---

**פאר יעדעם יאהר פון רינג נייע טויזענד מעמבערס**

# פון אונזער קאָרעספּאָנדענץ־טיש

## וואָס הערט זיך אין באַפאלאָ

אַ פּאַראייניגטער מיטינג פון אַלע באַפּאלאָ'ר ברענטשעס איז אָפּ־ ;האַלטען געוואָרען זונטאג דעם 27טען אַפּריל אין בריסטאל האָל, ים פר .מיללער פון בר. 29 אַלס טשערמאַן.

פר. פּאַקטאראָף, דער סעק. פון דיסטריקט קאָמיטע, גיט אָפּ אַן נטערעסאַנטען באַריכט פאַר די לעצטע צעהן מאָנאַטען. ער דייטעט ן אויף די אונגינסטיגע אומשטענדען, ווי דער דרעפט און די אינ־ וענציע מגפה, אונטער וועלכע דער דיסטריקט קאָמיטע איז אויסגע־ מען אַנצוגעהן מיט איהר אָרגאַניזאַציאָנס און עדיוקיישאָנאל אַר־ ט, דאָך האָט די קאָמיטע געמאַכט אַלע אָנשטרענגונגען און ביי יעדער געגענהייט פאַרזוכט צו סטימולירען דעם קאמפּיין פאַר אַ גרעסערער ;מבערשיפּ. דער רעזולטאַט איז געוועזן, אַז די מיטגליעדערשאַפט גער אין די ברענטשעס האָט זיך באַדייטענד פאַרגרעסערט. אין אייז־ גע האָט זיך זאָגאַר די מעמבערשיפּ געדאָפּעלט. עס איז אויך פיעל ח און ענערגיע געגעבען געוואָרען צום בר. 332 פון ניאגרא פאָלס, ר עלעמענט פון וועלכען דיעזער ברענטש איז צונויפגעשטעלט איז ויט פון צו זיין אַ „בראָלעטאַרישער“, דאָך איז אַ באַשלוס אָנגע־ מען געוואָרען פון דער דיסטריקט קאָמיטע צו שיקען צוויי פון הרע דעלעגאַטען צו יעדען ברענטש מיטינג און פּרובען וועגען די טגליעדער צו מעהר טעטיגקייט און פאַראינטערעסירען זיי מעהר ם ן אַ. ר. די דיסטריקט קאָמיטע האָט אויך, מיט דער מיטווירקונג ן אַלע ברענטשעס, געשיקט אַ פּרעזענט צום אַרב. רינג סאניטאריום, עגען וועלכען מיר האָבען שוין איינמאָל געשריבען אין „פריינד“.

עס איז געגעבען געוואָרען פיעל אויפמערקזאַמקייט צו פּאָסי־ נגען פון געזעלשאַפטליכען לעבען. אַזוי האָט די דיסטריקט קאָם. ראַנזשירט פיעלע פּראָטעסט מיטינגען געגען די פּוילישע פּאָגראָמען יף אידען, ווי אויך געגען דעם בוירנעט אימיגריישאָן געזעץ און אַסענדריע רעזאָלוציאָנען זיינען אויסגעשיקט געוואָרען צו אַלע קאָנ־ עסייט און סענאַטאָרען פון באַפאלאָ.

אין באַצוג עדיוקיישאָן פאַר אונזערע מיטגליעדער איז אַ בּראָבע מאַכט געוואָרען זונטאג דעם 2טען פעברואַר, ווען גען. א. ש. זאַקס אָט געלעקטשורט איבער דער טעמא „דער קריזיס“, און אָבוואָהל דיעזע קטשור איז געוועזן גוט באַזוכט פון אויטסיידערס, האָבען דאָך גע־ הלט די מעמבערס פון אַרב. רינג, וועלכע, משמעות, אינטערעסירען ך ווינציג מיט בילדונג און אויפקלערונג.

די פראַגע וועגען גרינדען אַן אַרב. רינג שולע פאַר קינדער האָט רנומען דעם „אויבען־אָן“ ביי דער דיסטריקט קאָמיטע. במשך ביי דער זיצונג פלעגט מען זי דיסקוטירען, פּרובענדיג אויסצוגעפינען עגען און מיטלען ווי אַזוי אָנצופאַנגען דיעזע גרויסע און וויכ־ יגע אונטערנעהמונג. ענדליך איז באַשלאָסען געוואָרען אויסצוהערען מיינונג פון די ברענטשעס זעלבסט, און אַ רעפערענדום איז אַרויס־ שיקט געוואָרען צו זיי מיט דער אַבזיכט צו געבען אַ געלעגענהייט דען מיטגליעד צו נעהמען אנטייל אין דער דיסקוסיאָן איבער דיע־ ר פראַגע.

צום שלוס אַפּעלירט פר. פּאקטאראָף ניט צו פאַרלאָזען זיך אויף באַמטע אין גאַנצען, ווי טעטיג זיי זאָלען ניט זיין, וואָרום דער אהרן פון אונזער אַרבייטער־אָרדען דאַרף זיין די שטרעבונג פון דען מיטגליעד, וועלכער איז פאַרפּליכטעט אָנצופיהרען אַן אונער־ עדליכע אַגיטאַציע צווישען זיינע קרובים און באַקאַנטע אין די נטערעסען פון אַ. ר. נאָך אַ קורצער דעבאַטע, אין וועלכער די מיטגליעדער דריקען אויס זייער צופרידען און רעספּעקט צו דער סטריקט קאָמיטע, ווערט דער באַריכט פון סעקרעטער גוטגעהייסען.

רעקאָמענדאַציאָנען צו דער 19טער יעהרליכער קאָנווענשאָן זיינען געבען געוואָרען דורכ'ן דעלעגאַט פר. גאָלעמבא, ווי פאָלגענד:

העכערונג פון קראַנקען בענעפיט; העכערונג פון אינשורענס; יב די פראַגע פון גרינדען אַ בית־יתומים וועט אויפגעהויבען ווערען י דער קאָנווענשאָן זאָל דער דעלעגאַט שטימען פאַר דער גרינדונג פון אַ אינסטיטושאַן. עס ווערט אויך רעקאָמענדירט, דער „פריינד“ ל אויסבעסערען די עקספּעדיציע און ... נען באַקומען, און אַז אַ קינדער־פיידזש אין ענגליש זאָל געדרוקט רען מיט דער אַבזיכט צו באַקענען אונזער יוגענד, וועלכע, אין הרערע פעלע, קען ניט רעדען אָדער לעזען אידיש, מיט די פּרינ־ פּען פון אַרבייטער רינג.

ב. פּאַקטאָראָף, סעק.

## אַ מוסטער פון אַ ברענטש

ס'איז מיר אויסגעקומען לעצטענס צו באזוכען בר. 367 א. ר. צוליעב רעליעף אַרבייט, וואָס מיר האָבען זיך אונטערנומען צו שאַפען אַ סומע פאַר אונזער שטאָדט ווילנא, בין איך געגאַנגען צו זייער מיטינג.

געוואוסט האָב איך, אַז ווען די פיפעלס רעליעף האָט אָנגעפאַנגען דעם „דרייוו“ פאַר די פינף מיליאָן, און דער אַרבייטער רינג אַלס אַ גאַנצער האָט צוגעזאָגט צו שאַפען די סומע פון 25 טויזענד, האָט גלייך בר. 367 גערופען אַ ספּעשעל מיטינג און געשאַפען 500 דאָלאַר, האָבענדיג בלויז אַ מיטגליעדערשאַפט פון 275 מעמבערס. זיי האָבען אַריבערגעיאָגט דעם פלאַגאַן פון איין דאָלאַר פער מעמבער, וואָס איי־ ניגע ברענטשעס האָבען זיך אונטערנומען צו שאַפען.

געגאַנגען בין איך מיט אַ געדאַנק, אַז אויב זיי וועלען נעהמען אַ ביסעל טיקעטס צו פאַרקויפען, וועל איך זיי דאַנקבאַר זיין, ווייל נאָך אַלעמען איז עס בלויז אַרבייטער, וועלכע מאַכען אַ לעבען פון האַנד אין מויל, און ווי קען מען ערוואַרטען מעהר?

אַזוי ווי איך האָב זיי אינסטאַלירט, און אַ גרויסען טייל קען איך, האָב איך זיי ערקלערט מיין צוועק פון קומען און געלאָזען זיי האַנדלען.

און זייער האַנדלען האָט מיך איבערראַשט: ס'איז געשאַפען גע־ וואָרען 500 הונדערט דאָלאַר פאַר ווילנער קרבנות. צוזאַמען איז עס אַ סומע פון טויזענד דאָלאַר. נון, וויפיעל אַנדערע ברענטשעס מיט אַזאַ מיטגליעדערשאַפט האָבען עס אַזוי באַוויזען?

חוץ די געגעבענע סומען האָט מען נאָך פאַרשפּראָכען צו שאַפען טויזענד דאָלאַר פון פאַרקויפען סטעמפּס.

דאָס שענסטע איז וואָס די, וועלכע האָבען דעם ברענטש געגרינ־ דעט, זיינען יעצט אויך ביים רודער און פיהרען דעם ברענטש אויף דעם וועג, וועלכער איז ווירקליך אַ מוסטער פאַר אַנדערע ברענטשעס.

די אַלטע מעמבערס און טוערס, ווי קאַטץ, פויגעלסאָן און גאָלדינג, האָבען דעם פולען צוטרויען פון די מעמבערס, זיי זיינען באַליעבט און געאַכטעט. זייער אַרבייט איז צו באַוואונדערען. זיי רופען זיך אָפּ אויף יעדער ערשיינונג אין אַרבייטער־קוואַרטאל, שטיצען אַלעס מיט אַ פולער האַנד און אין דערזעלבער צייט זעהען זיי דער ברענטש זאָל האָבען אַ פיינע טרעזשורי, אַ פיינעם רעזערוו פאָנד, וועלכען ניט פיעלע ברענטשעס פון אַ. ר. פאַרמאָגען.

און אויב איין ברענטש קען עס באַווייזען, וואָרום זאָלען זיך אַלע ברענטשעס פון אַ. ר. פיהרען אַזוי? ס'ווענדט זיך אָן די פיהרער פון ברענטש. ווען זיי זיינען צווישען זיך איינינ און געהען אויפ'ן גלייכען וועג, ערציהט מען די מעמבערס מיט'ן זעלבען גייסט.

ס'איז כדאי אַז די פיהרער פון פיעלע ברענטשעס זאָלען זיך אַריינ־ טראַכטען אין דער אַרבייט פון אַזאַ ברענטש. זיכער וועט עס זיי ניט שאַדען. ס'וועט העלפען דעם אַ. ר. ווערען די מוסטער־אָרגאַניזאַציאָן אין דער אַרבייטער־באַוועגונג.

רפאל גינזבערג.

## באַריכט פון ברענטש 135 אַ. ר.

מיר האָבען לעצטענס געהאַט אַ קאַמפּיין פאַר נייע מעמבערס. איידער דער קאַמפּיין האָט זיך אָנגעפאַנגען, האָבען מיר דורכגעפיהרט איינינע רעפאָרמען אין ברענטש, כדי דער קאַמפּיין זאָל האָבען דעם געווינשטען ערפאָלג. אונזער כאַטאָ איז געוועזן: 25 נייע מעמבערס ביז צו דער קאָנווענשאָן. עס איז דורכגעפיהרט געוואָרען 2 דאָלאַר לאָקאַלע קראַנקען־בענעפיט — און אנשטאַט איין דאָלאַר פאַרשלאַגס־ געלד 50 סענט דורך דער צייט פון קאַמפּיין. אויך די יעניגע מעמ־ בערס, וועלכע וועלען אַריינגעמען 3 מעמבערס, זאָלען קריגען אַ גאָל־ דענעם באַטען, און די פריינדע, וועלכע וועלען אַריינגעמען 5 מעמבערס און מעהר, זאָלען קריגען אַ פאונטען־פען אַלס פּרעזענט. מיר האָבען זיך באַלד אַרומגעזעהן, אַז 25 נייע מעמבערס ביז צו דער קאָנווענשאָן איז צו ווענינ. אונזער ציעל איז יעצט פופציג, ווייל ביז יעצט האָב איך שוין אַריינגעשיקט אין דזשענעראל אָפיס 42 אַפּליקיישאָנס, און האָפענטליך וועלען מיר האָבען אונזער ציעל ערריכט.

די פאָלגענדע פריינדע האָבען געקראָגען פאונטען־פענס און אויך אַ דאַנק פון ברענטש: א. פערעלמאַן, מ. עהרליך, ס. גאָלדשטיין, דזשייק פערעלקאָן, מ. הימעלפאַרב. ב. וואָדאָווסקי וועט קריגען אַ גאָלדענעם באַטען.

פאַר יעדע וואָך אין יאָהר טויזענד דאָלאַר פאַר'ן רעליעף

ביי אונזער לעצטען מיטינג איז אויך דורכגעגאַנגען איינשטימיג דער 5 דאָלאַר טעקס פער מעמבער פאַר'ן פילאַדעלפיער אַ. ר. לייסעאום. אויך ווערט יעצט ביי אונז דורכגעפיהרט אַ סעריע לעקטשורס מיט פריינד דר. בעער און א. זאוועלס אַלס לעקטשורערס.

א. פערעלמאַן, סעק.

## צו אַלע ברענטש סעקרעטערע — פון בר. 205

איהר זייט געבעטען צו פאַרהאַנדלען אונזער אַפּיעל, וואָס מיר האָבען צו אייך געשיקט. אויב אייער ברענטש באשליסט צו שטיצען, זייט איהר געבעטען צו שיקען אונז גלייך די שטיצע. אויב אייער ברענטש באשליסט ניט צו שטיצען, זייט איהר געבעטען צוריקצושיקען די ראַפּעלס. יעדער ברענטש וואָס שטיצט אונז וועט קוויטירט ווערען אין „פריינד". ביטע צו שיקען אויף דעם אַדרעס:

דזשייקאָב פּרוזאַנסקי, 219 מעריסאָן סטריט, ניו יאָרק.

## טרענטאָן טעריטאָריעלע קאָנפערענץ

די טרענטאָן טעריטאָריעלע קאָנפערענץ איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען זונטאג דעם 24טען פעב. אין דער פרייער לייברערי. פריינד דזש. ליהמאַן ווערט ערוועהלט אַלס טשערמאַן און פר. מ. קאָהען, סעקרעטער. עס זיינען פאַרטראָטען בלויז בר. 90, טרענטאָן, און בר. 208, ניו־בראָנזוויק. דער סעק. ערקלערט, דאָס 2 קאַנדידאַטען זיינען פון די ברענטשעס נאָמינירט געוואָרען אַלס דעלעגאַטען צו דער 19טער קאָנ־ווענשאָן. דאָס זיינען פריינד א. גראַד פון בר. 90 און ב. קאָהען פון בר. 208 באשלאָסען צו איבערגעבען צום רעפערענדום צו ערוועהלען דעם דעלעגאַט.

פאָלגענדע רעקאָמענדאַציאָנען ווערען דיסקוטירט און אָנגענומען צו פאַרעפענטליכען אין „פריינד": 1) די קליינע קאָנווענשאָנס זאָלען אָפּגעשאַפט ווערען. קאָנווענשאָנס זאָלען געהאַלטען ווערען יעדע 2 יאָהר מיט 1 דעלעגאַט פון יעדען ברענטש. גרויסע קאָנווענשאָנס זאָלען געהאַלטען ווערען פון צייט צו צייט מיט דער זעלבער פאַר־טרעטערשאַפט ווי ביז יעצט. 2) קיין עקזעקוטיוו מעמבער זאָל ניט קענען נאָמינירט און ערוועהלט ווערען צו מעהר ווי 2 טערמינען.

עס ווערען אויך דיסקוטירט פיעלע אַנדערע פראַגען. צולעצט ווערט באשלאָסען, דער סעקרעטער פר. מ. קאָהען זאָל זיך שטעלען אין פאַרבינדונג מיט די ברענטשעס פון פערט־עמבאָי, ניו־בראָנזוויק, פרי־האָלד, רעד־בענק, וועגען דעם מיר זאָלען פאַרלאַנגען פון דער עקזעקו־טיוו קאָמיטע צו אָרגאַניזירען פון דיעזע באטרעפענדע ברענטשעס אַ דיסטריקט קאָמיטע אַנשטאט וואָס ביז יעצט זיינען דיעזע ברענטשעס אָנגעשלאָסען אָן דער נואַרקער סיטי און דיסטריקט קאָמיטע. עס ווערט ערקלערט פון כמעט אַלע אנוועזענדע דעלעגאַטען, אַז אַ באַזונ־דער דיסטריקט אָרגאַן. קאָמיטע פון די אויבען־דערמאָנטע ברענטשעס וואָלט געקענט פיעל מעהר אויפטאָן פאַר דער אויפלעבונג פון די ברענטשעס. נואַרק איז גרויס גענוג פאַר אַ סיטי קאָמיטע און קען זיך ניט אָפּגעבען מיט'ן דיסטריקט.

דערמיט האָט די קאָנפערענץ זיך געשלאָסען.

מ. קאָהען, סעקרעטער.

## רעפּאָרט פון מעין דיסט. קאָמ. האַלב־יעהרליכער קאָנפערענץ

זונטאג, דעם 23טען פעב., איז אין לואיסטאָן, מעין, אָפּגעהאַלטען געוואָרען דער האַלב־יעהרליכער קאָנפערענץ פון דער דער מעין דיסט. קאָמ. פריינד בין ערעפענט דעם קאָנפערענץ און לעזט פאָר דעם טאָ־געס־אָרדנונג, וועלכער ווערט אָנגענומען ווי פאָרגעלעזען.

די פּראָטאָקאָלען פון דער סאָב קאָמ. און די צושריפטען ווערען פאָרגעלעזען און גוטגעהייסען. פריינד סאול שולמאַן, סעק. פון דער דיסט. קאָמ., גיט אָפּ דעם האַלב־יעהרליכען רעפּאָרט, וועלכער האָט געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק אויף אַלע דעלעגאַטען.

עס האָבען אויך אָפּגעגעבען ערמוטיגענדע באריכטען די פאָל־גענדע: פר. מאריס אלפערט פון בר. 558, בענגאָר; פריינד ראָזענטאַל פון בר. 282, וואָטערוויל; פריינד מאָריס פרענקלין פון בר. 71; פר. בין פון בר. 171; פריינד מ. ווייסבערג פון בר. 317, פּאָרטלאַנד.

פון די רעפּאָרטען האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז כמעט אַלע ברענ־טשעס זיינען געווען טעטיג אין די קאמפּיינס, וואָס דער אַ. ר. האָט אָנגעפיהרט פאַר'ן מיליאָן דאָלאַר פאָנד, פאַר די מלחמה קרבנות און פאַר דעם מעמבערשיפּ קאמפּיין. איייניגע האָבען אויך געהאַט ער־פאָלגרייכע מיטינגען מיט פר. ר. זאַלצמאַן, פון דער גענעראַל עקזע־קוטיווע, און דאָס האָט אַריינגעטראָגען לעבען אין דער אַרבייט. אַנ־דערע ברענטשעס האָבען געהאַט נויט־פאַלען מיט אייניגע מעמבערס, וועלכע זיי האָבען געטאָן אַלעס, וואָס איז אין זייערע כחות צו העלפען זיי. נאַטירליך די אינפלוענציע מגפה האָט פיעל געשטערט, אָבער דאָך זיינען די ברענטשעס איבערגעקומען אַלע שוועריגקייטען.

פר. ה. דעי, דירעקטאָר פון דער נ. ב., האָט איבערגעגעבען אַן אינטערעסאַנטען באריכט פון דעם לעצטען צוזאַמענפאָהר פון נאַציאָ־נאַלע דירעקטאָרען, ווי אויך וועגען אַ. ר. סאַניטאַריום, צו וועלכען ער איז דעלעגירט געוואָרען פון דער נ. ב. דער באריכט האָט אַרויס־גערופען אַן אונבאשרייבליכע באגייסטערונג, און עס איז איתם אויס־געדריקט געוואָרען אַ הערצליכען דאַנק פון דער קאָנפערענץ, ווי אויך צו פר. סאול שולמאַן פאַר זיין טרייער אַרבייט אַלס סעקר. פון דעם

דיסטריקט. נאָך דער קאָנפ. האָט זיך געעפענט די טעריטאָריעלע קאָנ[...] צו ערוועהלען אַ דעלעגאַט צו דער דעטראָיטער קאָנווענשאָן.

פר. ד. ווייסמאַן, בר. 317, ווערט ערוועהלט טשערמאַן און מאָר[...] אלפערט, סעק. עס האָט זיך דעבאַטירט די פראַגע צי זאָל דער קאָ[...] פערענץ נאָמינירען 2 קאַנדידאַטען, וועלכע זאָלען גיהן צו אַ רעפ[...] רענדום, אָדער זיי זאָלען גלייך ערוועהלען דעם דעלעגאַט.

נאָך אַן אינטעליגענטער און פריינדליכער דיסקוסיאָן ווערט ב[...] שלאָסען גלייך צו ערוועהלען אַ דעלעגאַט, און פריינד מאָריס אַלפ[...] פון בר. 558, ביינגאָר, ווערט ערעהלט.

מיט דעם זיינען ביידע קאָנפערענצען געשלאָסען געוואָרען.

סאול שולמאַן, סעק. מעין דיסט. קאָמ.

## פלאַנעווען גרויסען „דרייוו" פאַר'ן לאס אנדזשעלעס סאניטארי[...]

דער קאָנפערענץ וואָס איז ניט לאַנג צוריק אָפּגעהאַלטען געוואָר[...] פון פיעלע כלל־טוער אין האָטעל אַסטאָר, אין די אינטערעסען פון לו[...] אנדזשעלעס סאַניטאַריום, האָט שוין געבראַכט גוטע רעזולטאַטען.

די אַדמיניסטראַטיווע קאָמיטע, וואָס איז ביי יענעם קאָנפערע[...] ערוועהלט געוואָרען, האָט אָפּגעהאַלטען אַ ספּעציעלען מיטינג, און ב[...] ריכטעט, אַז זי האָט שוין פאַרטיג אַלע פּלענער, וועגען און מיטל[...] ווי אַזוי אָנצופיהרען דעם קומענדען אָרגאַניזאַציאָנס קאמפּיין.

די קאָמיטע באריכטעט אויך, אַז אויף דעם פּלאַץ פון דעם ג[...] וועזענעם מענעדזשער, ניזטהען קאַפּלאַן, האָט זי ערוועהלט דעם יונג[...] ענערגישען כלל־טוער, דייוויד אבראהאמס, אַלס מענעדזשער פון לו[...] אנדזשעלעס סאַניטאַריום רעליעף אַסס'ן, און צוליעב די גרויסע ו[...] טיגע אַרבייט, וואָס מען אונטערנעהמט, האָט זי באשלאָסען צו נעהמ[...] אַן אָפּיס אין „האַרץ" פון אידישען קוואַרטאַל, 194 בויערי, א[...] קאָמענוועלטה באַנק בילדינג, קאָרנער ספּרינג סטריט, און פון ערשט[...] אַפּריל אָן וועט דאָרטען זיין דער הויפּט אָפּיס.

אַדמיניסטראַטיווע קאָמיטע.

די קאָמיטע באריכטעט אויך, אַז זי האָט באשלאָסען צו מאַכ[...] חודש מאַי אַלס דעם ספּעציעלען קאמפּיין חודש אין די איסטע[...] סטייטס, וואו עס זאָל געפיהרט ווערען אַ ברייטע אַגיטאַציאָן פאַר מע[...] בערס און פאָנדס.

עס ווערט באשלאָסען דורכצופיהרען אַ רייהע בלומען־טעג א[...] „טעג־דעיס" אין יעדען וויכטיגען אידישען צענטער, אָנפאַנגענד[...] אין גרעיטער ניו יאָרק דאָנערשטאג דעם 1טען מאַי, שבת אבענד ד[...] 3טען און זונטאג דעם 4טען מאַי.

די פריינדע מילקים און סיימאָן פון נייאַנראַ פאָלס שרייב[...] אונז: אונזער בר. איז אַ טל־ומטר'דיגער, איינגאַנצען נישט לאַנג צור[...] באשטאַנען פון ח"י מעמבערס, אָבער מיר האָבען זיך אַ נעהם געט[...] צו דער אַרבייט און מיר זיינען יעצט שוין שלושים, מיר ווילען אָב[...] נאָך אַ צוויי צעהנדליג צוקריגען ביז דער קאָנווענשאָן, אַזוי אַז מ[...] זאָלען האָבען אַמווענינגסטענס אַ האַלבע מאה. מיר האָבען געהאַט [...] ערפאָלגרייכע אונטערנעמונג פייערענדיג דעם 9־יעהריגען יובילע[...] פון סאַניטאַריום דורך אַ באַנקעט, פאַר וועלכען ס'קומט אַ גרויסען ד[...] אונזער בר. עקזעקוטיווע. עס איז געווען אַן ערפאָלג מאַטעריעל א[...] מאָראַליש. אונזערע פריינד פון באָפאַלאָ האָבען אונז נישט פאַרגעס[...] און צוגעשיקט פאַרטרעטער צו רעדען אויף דעם יום־טוב און פר. י[...] קאָווסקי האָט געטאָן זיין בעסט און געאַרבייט אונערמיעדליך א[...] דער פאָלקאָמענהייט פון אַוועקגעשיקט 18 דאָל[...] אין דזשענעראַל אָפּיס פאַר דעם רעליעף פאָנד און האָבען לעצטענס א[...] באַשלאָסען צו שטיצען די רוסישע גענאָסען וואָס זיינען אַרעסטי[...] געוואָרען פאַר אָרגאַנזשירען אַ מאַסמיטינג און עס איז נזירקליך ג[...] לונגען אונז ארויסצורייסען זיי פון די קאַפּיטאַליסטישע נעגעל.

מ. סלאַוואַט פון בר. 353 דולוטה, שרייבט אונז: דער א. ר. ב[...] אונז אין שטאָדט איז אַ גאַנץ לעבעדיגער. מיר האָבען אָרגאַניזירט [...] גאַנץ שטאַרקע לאָאָן אסס'ן, וואו מיטגלידער קענען ווערען ארויסג[...] האָלפען אין אַ נויט אויף לייכטע בעדינגונגען. מיר האָבען אַן אייגענ[...] אַ. ר. כאָר און זאָגאַר אַ דראַמאַטישען קלאָב, וואָס שטעלט פון צייט [...] צייט פאָר פּיעסען. מיר נעמען זיך יעצט פאַר דער אַרבייט צו אָרגאַניזש[...] רען אַ קאָ־אָפּעראַטיווע סטאָר און אַ בילדינג אַסס'ן. מיט איין וואָ[...] מיר זיינען טעטיג אויף פאַרשידענע געביטען פון געזעלשאַפטליכ[...] לעבען.

סעם ל. מייערס פון דולוטה שרייבט אונז: אונזער ברענטש [...]3 האָט זיך געגרינדעט מיט 8 יאָהר צוריק מיט קוים 15 מעמבער[...] מיר האָבען פיעלע ערפאָלגען צו פאַרצייכענען, נאָר דאָס א[...] ניט גענוג, ווייל דער פעלד איז אַ גאַנץ גרויסער „המלאכת מר[...] והפועלים עצלים" מיר האָבען זיך אַלע מאָל אָפּגערופען אויף א[...] ביטעס פון אַנדערע ברענטשעס ווי אויך אַלע אַנדערע אָרגאַניזאַציאָנ[...] מיט פינאַנציעלע שטיצע, מיר האָבען ארויסגעהאָלפען קאמפּיינס [...] אויך סטרייקס, מיר האָבען פאַר דער צייט געגרינדעט אַ אידיש[...] סאָציאַליסטישען לאָקאַל וואָס איז ניט אין גאַנץ גלענצענדע אומשטע[...] דען, אַ לייזיעם עקזילערי וואָס טוט אויף גאַנץ גוטע אַרבייט, ווי א[...] אַ אידישע לייברערי וואָס צום באדויערען פעהלט איהר לעזער ווי א[...] מענעדזשמענט. מיר האָבען אַן אייגענע האָל (אַ גערענטע, ניט קיין [...] גענע, חס וחלילה) אויך האָבען מיר אַ לאָאָן פאָנד, וואָס איז געגרינד[...] געוואָרען מיט 2 יאָהר צוריק פון 10 מעמבערס מיט 50 דאָלאַר א[...] יעצט בעטרעפט ער אריבער 3000 דאָלאַר, אויך האָבען מיר געהאָט [...]

גלענצענדען כאָר נאָר צום באַדויערען האָט ער זיך פארקיהלט און געקראַנגען די „פלו“... יעצט האָבען מיר אַ דראַמאַטישען קלאָב צו לאַנגע יאָהר... מיר האָבען אויך פיעל אויפגעטהאָן פאַר די מלחמה קרבנות, מיר זיינען געוועזן די ערשטע וואָס האָבען געגרינדעט אַ רעליעף, פארשטעהט זיך אַז נאָכהער האָבען די דייטשע יהודים איבערגענומען די קאָמאַנדע און אונז געמאַכט פאַר די משלוחים, דאָס איז אין קורצען אונזער געשיכטע פאַר דער צייט, נאָר מיר האָבען נאָך קיין מוט ניט פארלאָרען און מיר געהן אַלץ פאָרווערטס, מיר ריידען יעצט פון אַ בילדינג פאָנד און פון אַ קאָ־אָפּעראַטיווע סטאָר און אַז מען רעדט דערפון טוט מען זיך... יעצט האָבען מיר אַ מעמבערשיפּ פון 110 און מיר האָפען ביז דער קאָנווענשאָן צו האָבען 150.

---

נ. ליווערגאַנט פון בר. 525 קאָלטשעסטער שרייבט אונז: מיר האָבען דעם 26טען יאַנואַר געפייערט אונזער צווייטען יאָהרעס־פעסט מיט ...ר. ראָזען פון דער האַרטפאָרד דיסטריקט קאָמ. אַלס פעסט־רעדנער. פון ...עם בעריכט וואָס דער סעק. האָט אָפּגעגעבען איז געווען צו זעהן, אַז ...זער פאַרהעלטניסמעסיג קליינער ברענטשעלע האָט אַ סך אויפגעטאָן אין פיעלע הינזיכטען פאַר׳ן לעצטען יאָהר. דער בר. האָט געשטיצט ...א. ר. ברענטשעס, דעם אַלעקסאַנדער בערקמאַן פאָנד, די סענטראַל־...עליעף, די ס. פּ. דעם לאָס ענדזשעלעס סאַניטאַריום, די תלמוד תורה, ...עם ליבערטי סאַניטאַריום, (? רעד.) די סאַן פראַנציסקאָ דעפענס־...אָנד און די עמיגראַנטען געזעלשאַפט. דער בר. באַשטעהט יעצט פון 27 מעמבערס פון וועלכע 13 זיינען סיטיזענס. די פערזאַמלונג האָט ...יך ארויסגעזאָגט פאַר דעם, אַז דער א. ר. זאָל גרינדען אַן אייגענעם ...ית יתומים און האָט באַדאַנקט הערצליך פר. ראָזען פאַר זיין וואַרע־...ער רעדע און פאַר זיין באַטייליגען זיך אין דעם יאָהרעס־פעסט. ביי ...עם באַנקעט איז אויך געזאַמעלט געוואָרען $12 פאַר די מלחמה קרבנות.

---

## רעזאָלוציאָן פון באַלטישען בר. 33 א. ר.

אין אַנבעטראַכט, אַז די נאַציאָנאַלע אַרבייטער קאָמיטע איז צוזאַמענגעשטעלט פון דער גאַנצער אָרגאַניזירטער אידישער אַרבייטער באַוועגונג, צו פאַרטיידיגען די ספּעציעלע אידישע אינטערעסען פון די אידישע אַרבייטער.

אין אַנבעטראַכט, אַז די אורזאַכען וועלכע האָבען ארויסגערופען ...ום לעבען די נאַציאָנאַלע אַרבייטער קאָמיטע זיינען נאָך ניט ערלע־...יגט. און אין אַנבעטראַכט, אַז די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפ־...טען קענען ניט אָנגעבען געניגענדע און פּרינציפּיעלע אורזאַכען וועלכע ...אַלען רעכטפערטיגען זייער באַשלוס. און אין אַנבעטראַכט, אַז דער באַשלוס פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען, קען און ...יז פארשטאַנען געוואָרען אַלס אַ שפּאַלטונג אין אונזערע רייהען צו ...י פרייד פון אונזערע שונאים, ווי עס האָבען אויפגעבאַפּט די ...ידישע געלע פאַרקויפטע קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע, אין דער צייט ווען ...ונזער אייניגקייט איז באַזאָנדערס נויטיג. זיי עס באַשלאָסען, דאָס ...יר דריקען אויס אונזער ענטריסטונג געגען די פאַלשע שטעלונג פון ...י פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען. מיר זיינען איבערצייגט אַז ...ין היץ פון קאַמף האָבען זיי ניט באַמערקט דעם טעות, וואָס זיי האָבען ...עמאַכט, און מיר האָפען אַז ביי דער ערשטער געלעגנהייט וועלען זיי ...ייער טעות, גוטמאַכען און „רעקאָנסידערען“ זייער באַשלוס, פאַר ...ער גאַנצקייט פון דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג.

איזידאָר קאַטצען, מאַקס ספּאַנדזין, לואיס גלאַזער רעז. קאָמ.

## בר. 487 קען יעצט נישט שטיצען.

דער ברענטש 487 שליסט איהר קאַסע פאַר שטיצע פאַר די נעקסטע ...ו מאָנאַטען, ווייל מיר געהן יעצט מאַכען זעהר אַ שווערע אונטערנעמונג ...ין וועלכע מיר פיליכט אַליין וועלען זיך נויטיגען אין שטיצע.

נייטען האזעלנום, סעקרעטער.

---

אין זונטאַג דעם 23טען פעב. האָבען מיר מיט די הילפע פון ...ר. א. א. גליק פון לואיסטאָן אויפגעפיהרט שלום עליכם׳ס איינ־...קטער „אַ דאָקטאָר“, וועלכער איז מאַקע געווען אַן ערפאָלג מאָראַליש ...ון פינאַנציעל; מיר האָבען אויך געמאַכט גלייך נאָכדעם אַ „פּע־...עדזש פּאַרטי“, וועלכע האָט אונז צוזאַמען אַריינגעבראַכט אַ נעט ...ומע פון $63.92 און מיר שיקען עס גלייך אָפּ צו אונזער דזשענ. ...פיס פון א. ר., וועלכער וועט זעהן אַז עס זאָל אָנקומען צום ריכ־...יגען פּלאַץ.

מיר באַדאַנקען הערצליך אונזער אידישען פּובליקום פון ביידע ...טעדט, וועלכע האָבען זיך וואַרים אָפּגערופען און סימפּאַטיזירט מיט ...ונז. מיר פאַרזיכערען זיי, אַז יעדען סענט וואָס מיר האָבען גע־...אַמעלט וועט געהן אין ריכטיגען פּלאַץ, און אויך אונזערע 2 קליינע ...שטעדטלאַך פון דיעזען סטייט וועלען פאַרנעהמען אַ פּראָמינענטען פּלאַץ ...ין דער היסטאָריע פון העלפען אונזערע אָרימע ברידער און שוועסטער ...ון יענער זייט ים.

די קאָמיטע וויל ניט פאַרגעסען ארויסצודריקען אַ ספּעשעל דאַנק ...ו מר. אב. קראַמער, וועלכער האָט אונערמיעדליך געאַרבייט און ...ליין פאַרקויפט 100 טיקעטס.

מיט גרוס, מ. שאַטץ, סעק. בר. 171 א. ר., לואיסטאָן און אָבאָרן.

## ניו־יאָרקער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע קאָנפערענץ

די קאָנפערענץ איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען דעם 20טען אַפּריל 1919 מיט דער באַטייליגונג פון 3 דעלעגאַטען פון דער סיטי עדיוקיישאָנאַל קאָמ. און פר. יודיטש און יעלין פון דער נאַצ. עקיוקיישאָנאַל קאָמ.

פריינד וואָלבערג פון בר. 50 איז ערוועהלט געוואָרען טשערמאַן פון קאָנפערענץ און פריינד מ. גינסבורג פון בר. 87 איז ערוועהלט געוואָרען פאַר סעקרעטער.

נאָכדעם ווי עס איז ערוועהלט געוואָרען אַ קרעדענשעל קאָמיטע פון די פריינדע: אַראָנסאָן, בר. 367; לעווין, בר. 555, און גאָלדבערג, בר. 511, גיט אָפּ דער סעקרעטער פון דער סיטי עדיוקיישאָנאַל קאָמ., דוד שטיינבערג, זיין באַריכט: צווישען אַנדערעס מאַכט ער אויפמערקזאַם, אַז די קאָמיטע האָט זיך צוריקגעצויגען פון דער „יונייטעד לייבאָר עדיוקיישאָנאַל ליעג“, ווייל די קאָמ. האָט געפונען איהר אַרבייט ניט צופריעדענשטעלענד.

ער באַריכטעט אויך וועגען ערפאָלגרייכע דורכפיהרונגען פון טעאַטער־פאָרשטעלונגען, ליטעראַרישע און מוזיקאַלישע אונטערנעהמונגען; וועגען די קונסט־לעקטשורס דורך שפּאַציערען אין די שטאָדטישע מוזעאומס, אונטער דער לייטונג פון פריינד סאול ראַסקין, און אַלץ איז געווען אונטער דער אויפזיכט פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמ.

די קרעדענשעל קאָמ. באַריכטעט, אַז 37 ברענטשעס האָבען געשיקט דעלעגאַטען. עס זיינען אָבער דאָ 66 דעלעגאַטען, צוליעב דעם וואָס פיעלע סעקרעטערע האָבען גראַדע ניט געהאַט מיט זיך דעם בר. סטעמפּ ארויפצושטעלען אויפ׳ן קרעדענשעל און אין אייניגע פעלע זיינען די סעקרעטערע ניט אַנוועזענד געווען צום מיטינג.

די קרעדענשעל קאָמ. רעקאָמענדירט צוצולאָזען אַלע דעלעגאַטען, אָהן אויסנאַהם, ווייל די קרעדענשעל קאָמ. אנערקענט די אָנגעגעבענע אורזאַכען פון די צווייפעלהאַפטע דעלעגאַטען פאַר וואַהרשיינליכע.

די רעקאָמענדאַציאָן ווערט אָנגענומען.

צוליעב דעם וואָס דער רעפּאָרט פון סעקרעטער איז שוין געגעבען געוואָרען מינדליך ווערט באַשטימט ניט צו לעזען דעם געשריבענעם רעפּאָרט פון סעקרעטער, כדי צו שפּאָרען צייט.

עס ווערט באַשלאָסען, אַז י סיטי עדיוק. קאָמ. אַליין זאָל צוציהען נייטע מיטגליעדער צו דער קאָמיטע אויף דעם אָרט פון די וואָס זיינען אַרויסגעפאַלען.

די סיטי עדיוק. קאָמ. דריקט אויס איהר באַדויערען, וואָס בלויז 14 ברענטשעס האָבען זיך אָפּגערופען אויף דער אויפפאָדערונג פון ער סיטי קאָמ. צו ערוועהלען ספּעציעלע עדיוק. קאָמיטעס.

עס ווערט באַשלאָסען ארויסצושיקען אַ צווייטען מאָל אַן אויפפאָדערונג צו די ברענטשעס וועגען דיעזער אנגעלעגענהייט.

וועגען די אַרבייטער רינג קינדער־שולען באַריכטעט דער סעק., אַז זיי מאַכען גרויסאַרטיגע פאָרטשריטע, נאָר דער מאַנגעל אין געלט שטערט זעהר פיעל.

עס ווערט גוטגעהייסען די רעזאָלוציאָן וואָס די סיטי עדיוק. קאָמ. האָט אָנגענומען אַלס רעקאָמענדאַציע צו דער דעטראָיטער קאָנווענשאָן צו העכערען דעם שול־טעקס מינימום ביז 5 סענט אַ קוואַרטאַל. אַ קאָמ. פון פר. פיינערמאַן און דראָשקין ווערען צוגעזעצט צום סעק. צו רעדאַגירען די רעזאָלוציאָן.

סיטי עדיוק. קאָמ. ניו־יאָרק.
ד. שטיינבערג, סעק.

---

## אַרבייטער רינג מוזיק שול געגרינדעט פון בר. 615 א. ר.

### וויכטיג פאַר ניו־יאָרק

מיר לאָזע זוויסען אַלע פריינדע און ליעבהאָבער פון מוזיק, אַז אונזער לאַנגעדוואַרטעטע שול איז שוין אָפען, פּיאַנאָ ווערט געלערנט יעדען מאָנטאַג, מאַנדאַלין יעדען דיענסטאַג, וויאָלין מיטוואָך; טשעלאָס דאָנערשטאַג און פרייטאַג שפּיעלט דער סימפאָני אָרקעסטער, שבת ווערט געלעקטשורט איבער מוזיק. זונטאַג האָבען מיר קאָנצערטען אין אונזער אודיטאָריום. דיענסטאַג און מיטוואָך טעאָריע אין האַרמאָני, דאָנערשטאַג איז אויך פאַר לעזען נאָטען.

ווי איהר זעהט פריינדע איז אַלעס אַראַנזשירט פאַר אייך, די פּרייזען זיינען זעהר ליבעראַלע, די לעהרער פאַראַנטוואָרטליכע, אונזער נייע היים איז 147 איסט דריטע סט. און עווענו אַיי, טעלעפאָן אָרטשאַרד 3593.

נייטהען ה. אַלטערמאַן, דירעקטאָר.

אונזערע ווילנער חברה האָבען נאָך אַמאָל געוויזען אַז זיי געהען פאָראויס אין זייער אַרבייט פאַר די מלחמה קרבנות, אויסער די 500 דאָלאַר וואָס זיי האָבען ערשט נישט לאַנג צוריק געשאַפען האָבען זיי אויף אַ בר. מיטינג אויף וועלכען עס זיינען אַנוועזענד 225 מעמבערס געשאַפען 500 דאָלאַר פאַר די ווילנער מלחמה קרבנות. דאָס האָט געקענט טאָן די ווילנער יאָנג מענס („דער קליינער בונד“) בר. 367. די איבעריגע ווילנער ברענטשעס 43 און 28 וועלען מסתמא נישט וועלען אַז אַ איינגערער בר. זאָל אויף אַזוי פיעל אריבערשטייגען און וועלען ווייזען וואָס זיי קענען.

**וועגען דיסטריקט דאָקטוירים:**

אין „פריינד“ פון מאַרטש, אין ראַפּאָרט פון בענעפיט קאָמ., געפינט זיך אַ באַריכט וועגען דעם לעצטען קאָנפערענץ בנוגע איינפיהרען דיסטריקט דאָקטוירים פאַר מעמבערס פון ברענטשעס, זעלבסטפאַרשטענדליך אויך פאַר זייערע פאַמיליעס, ווייל אַ גרויסער פּראָצענט פון די מעמבערס זיינען פאַמיליע־מענשען.

אייגענטליך איז דאָס קיין נייעס. די וועלכע נויטיגען זיך אין מאָנאָפּאָליזירטע דזשאַבס האָבען שוין איינציגע מאָל געפּרובט נעמען די ברענטשעס מיט שטורם און עס זיי ביז יעצט ניט געלונגען. יעצט אָבער איז דאָך געוועזען אַן עפּידעמיע, האָבען די וועלכע האָבען אַן אינטערעס צו שלאָגען דערפון קאַפּיטאַל אויפגעהויבען אַ נייעם געשריי: קאַראַאול ! די ברענטש דאָקטוירים האָבען נישט אַטענדעט, האָבען פאַרנאַכלעסיגט א. ז. וו., דאַרום מאַכט דיסטריקט דאָקטוירים, און זעלבסטפאַרשטענדליך וועלען אויפ'ן באַלאָט אַרויף אַזעלכע ווי דר. קלעמענקאָ, פּעסקין, מעריסאָן א. ז. וו. און עס וועט גוט ווערען. פרעגט זיך מיר, ווי אַזוי? עס איז דאָך אַ פאַקט, אַז די דאָקטוירים האָבען נישט פאַרנאַכלעסיגט, נאָר איינפאַך עס איז געוועזען ווענינער דאָקטוירים ווי מען האָט געדאַרפט. אַלזאָ וואָס וואָלט געוועזען ווען עס וואָלט געוועזען דיסטריקט דאָקטוירים און געוועהנליך וואָלט יעדער געהאַט אַ גרויסע צאָהל מעמבערס. אָבער אין אַן עפּידעמיע מוז דער פּראָצענט פון די צאָהל מעמבערס ברויכען דעם דאָקטאָר מעהר ווי אין אַ געוועהנליכער צייט, וואָלט ער דאָך געמוזט פאַרנאַכלעסיגען. נאָר דער אונטערשיעד איז דער: ביי דעם יעצטיגען סיסטעם מוז זיך דער דאָקטאָר רעכענען מיט דעם ברענטש, ווען נישט מאַכט מען אַ קורצען פּראָצעס, מען רעכענט איהם אַרונטער פון ביל אָדער מ'פייערט איהם אין גאַנצען. אָבער מיט דיסטריקט דאָקטוירים איז שוין גאַנץ אַנדערש, מען וואָלט דאַרפען אַריינברענגען אַ קלאַגע אין ברענטש, דער ברענטש אין גענעראַל אָפיס, דער גענעראַל אָפיס צום מעדיקאַל באָארד. און דאַן ווער איז די מעדיקאַל באָארד? הייסט דאָס זוכט דעם ווינד אין פעלד.

איבערהויפּט וויל איך זאָגען, דאָס אַ דאָקטאָר שפּיעלט די הויפּטראָלע מיט דעם איינדרוק, וואָס ער מאַכט אויף דעם פּאַציענט. שטעלט זיך פאָר, אַז איינינע מעמבערס פון אונזער ברענטש האָבען קיינע דירעקטע פּרעטענזיעס צום דאָקטאָר און דאָך גלייכען זיי איהם נישט. אין דער יעצטיגער סיסטעם הייסט דאָס, מיר קענען אימער האָבען אַ דאָקטאָר וואָס מיר זאָלען איהם „גלייכען“, אָבער ביי דיסטריקט דאָקטוירים מוזען איהם גאָרנישט אַלע ברענטשעס פון זיין דיסטריקט גלייכען. הייסט דאָס אָנהענגען אַ צרה, וואָס מען קען פון איהר קיינמאָל נישט פּטור ווערען. איבערהויפּט איז דאָס אַ פּאָזיטיווע פּריוואַט אַנגעלעגענהייט פאַר יעדען ברענטש, ווי איך האָב שוין אויבען דערמאָנט, אַז אַ גרויסער פּראָצענט באַלאַנגען צום דאָקטאָר מיט פאַמיליע.

אַזוי ווי ביי דער קאָנפערענץ האָבען די געגנער פון דיסטריקט דאָקטוירים נישט געקענט קריגען דאָס וואָרט. מען האָט זיי ערקלערט דאָס דער קאָנפערענץ איז פאַר די, וועלכע זיינען דערפאַר. ערוואַרטען מיר, אַז אונזער זשורנאַל, דער „פריינד“, וועט ראַטען נישט צו לאָזען זיך פאַרדרעהען די קעפּ פון די הויכע פענסטער און בלייבען זייערע אייגענע בעלי־בתים.

ד. קאַמעני, בר. 53.

**רעדאַקציאָנס־באַמערקונג:** נישט מיר זיינען איינשטימיג מיט אַזאַ פּאָלעמישע טאַקטיק, ווי פר. קאַמעני געברויכט, און נישט מיט די געבראַכטע אַרגומענטען. מיר האָבען איינמאָל שוין געהאַט אַ געלעגענהייט אַרויסצוזאָגען זיך וועגען דעם.

---

### דער יום טוב ביי ברענטש 204

די מאַהליוו פּראָגרעסיוו סאָסייעטי דער בר. 204 „אַרב. רינג“ האָט לעצטענס געפייערט זיין 10 יאָהריגען יובילאום. אַ גרויסער עולם, מיטגלידער פון אַרבייטער רינג, מיט זייערע פאַמיליעס האָבען זיך צוזאַמענגעקומען און זיך מעהר באַפריינדעט צווישען זיך און ענגער געשלאָסען פריינדשאַפט און חברשאַפט.

דער יובילעאום פון ברענטש 204 קומט גראָד אויס אין אַזאַ צייט וואָס זיי מעגען זיך ווירקליך פרעהען. מיט עטליכע וואָכען צוריק איז דער אַרבייטער רינג געטשאַרטערט געוואָרען אין קוויבעקער פּראָווינץ און עס איז יעצט דאָ גרויסע געלעגנהייטען צו מאַכען דעם אַרבייטער רינג גרויס און מעכטיג אין קענעדע. זאָלען נאָר די מיטגלידער פון ברענטש 204 אויף דעם אָנפאַנג פון זייער צווייטען צעהנדליג יאָהר פון עקזיסטענץ, באַווייזען וואָס זיי קענען און גרעסער מאַכען זייער ברענטש און פאַראינטערעסירען די מיטגלידער מיט מעהר גייסטיגע אַנגעלעגנהייטען.

די שטאָדטישע צענטראַל קאָמיטע פון אַרבייטער רינג בעגריסט זיי צו זייער יובילעאום און ווינשט זיי ערפאָלג.

### נייער ברענטש פון אַרבייטער רינג

אַ נייער ברענטש פון אַרבייטער רינג איז געגרינדעט געוואָרען דאָ אין שטאָדט אונטער דעם נאָמען „קאַרל מאַרקס ברענטש 335“. דער ברענטש באַשטעהט פון אַ יונגען און ענערגישען עלעמענט און זיי פאַרזיכערען אַז זיי וועלען גאָר אין גיכען דעריאָגען די אַלטע ברענטשעס אין צאָהל פון מיטגלידער. נייע מעמבערס קומען אַריין יעדע וואָך. די מיטגליעדערשאַפט דערגרייכט די צאָהל־50. זיי מיטען יעדען מאָנטאָג אָוועגד אין פּרינץ אַרטהור האָל רום 5.

### דער צעהן יעהריגען יובילעאום פון ברענטש 212 אַרב. רינג.

דער צעהן יעהריגער יובילעאום פון בר. 212 א. ר. איז געפייערט געוואָרען מיט פּראַכט און גלאַנץ, ווי עס האָט זיך ווירקליך פאַרדיענט דער ברענטש.

עס איז געווען מיט צעהן יאָהר צוריק ווען ברענטש 212 א. ר. איז אָרגאַניזירט געוואָרען פון אַ הייפעלע גענאָסען, 23 אין צאָהל, אין דער שטאָדט נאָרפאָלק, ווירדזשיניא. מען האָט אונז גענאָסען, אויסגעלאַכט און פאַראַכטעט. צו דערזעלבער צייט, מקוה־און־שוהל־אידען האָבען נביאות געזאָגט אַז מיר וועלען עקזיסטירען אַזוי לאַנג ווי אַ חלום, און אַזוי שנעל ווי מיר וועלען זיך אויפוועקען, וועלען מיר ווערען בני־ברית מעמבערס און פאַרלאָזען דעם אַרבייטער רינג. דער ענטהוזיאזם פון אונזערע מעמבערס האָט זיי אָבער געצייגט אַז זיי נאַרען זיך אין חשבון, ווי קליין מיר זיינען געווען אין צאָהל זיינען מיר אָבער געווען די ערשטע וועלכע האָבען אָנגעפאַנגען צו אַראַנזשירען לעקטשורס, מיר האָבען אָרגאַניזירט אַ לאָקאַל פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, האָבען סטרייקערס פון אירגענד וועלכע שטאָדט זיך געווענדעט צו אונז נאָך שטיצע, האָבען מיר אַרויסגעשיקט קאָמיטעס איבערן שטאָדט נאָך קאָלעקשאָנס. די קהל'שע אידען האָבען אונז שוין אָנגעהויבען צו האַסען מיט רעספּעקט, האָבען מורא געקראָגען פאַר אונזער מאַכט. מיט צוויי יאָהר שפּעטער האָבען מיר אָרגאַניזירט אַ שוועסטער ברענטש אַ. ר. דאָ סאיז בר. 313 פון פּאָרטסמוטה, ווירדזשיניא, און באַלד זיינען מיר פאַראייניגט געוואָרען דורך אַ סענטראַל קאָמיטע, וועלכע האָט אָנגעפיהרט די אַרבייט פאַר ביידע ברענטשעס, און צוזאַמען האָבען מיר דאַן אָרגאַניזירט אַ געמיינשאַפטליכען לאָון־פאָנד וואו מעמבערס פון א. ר. האָבען זיך געקענט באָרגען געלד אָהן פּראָצענט, צוזאַמען האָבען מיר דאַן געשאַפען אַ פאָנד פון טויזענד דאָלאַר און געקויפט אַן אייגענע סעמעטערי.

דאָס לעצטע איז געווען דער רעזולטאַט פון די פאַרפאָלגונגען פון די שוהל אידען וועלכע האָבען איינמאָל ווען אַ טויטענפאַל האָט זיך געטראָפען אין אונזער ברענטש, אונז פאַרזוכט צו באַרויבען דאָס, וואָס זיי האָבען געפאָדערט פון אונז אַ גרויסע סומע געלד פאַר בעערדיגונג. היינט איז די סעמעטערי אונזערס אַן אייגענטום, וועלכע קאָסט אונז ביינאַהע 2000 דאָל. מיט אַן אייגען הויז דאָרט. ווידער מיט אַ יאָהר שפּעטער האָבען מיר אָרגאַניזירט אַ דריטע שוועסטער ברענטש פון א. ר. בר. 305 אין ניו פּאָרט ניוס, ווירדזשיניאַ, די שוועריגקייטען וואָס מיר האָבען געהאַט אויסצושטעהען דאָרט זיינען אונבאַשרייבליך דאָך האָבען מיר יענעם ברענטש אויסגעהאַלטען און ערצויגען, און היינט לעבט ער ווי אַלע אַנדערע ברענטשעס פון א. ר. און טהוט גוטע אַרבייט. ווידער מיט צוויי יאָהר שפּעטער האָבען מיר אָרגאַניזירט נאָך אַ ברענטש טאַקע אין נאָרפאָלק גופא, דאָס איז בר. 513 וועלכער ציהט זיך אויס מיט גוטע אַרבייט און געהט האַנד ביי האַנד מיט בר. 212 אין אַלע אונטערנעמונגען.

ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכען און רעליעף קאָמיטעען האָבען זיך אָרגאַניזירט איבערן גאַנצען לאַנד האָבען מיר אויך דאָ אָרגאַניזירט אַ ברענטש פון פּיפּעלס רעליעף. די אַנדערע קאָמ., וועלכע פלעגען פון די מלחמה קרבנות קאָלעקשאָנס אַרונטערנעמען פאַר פּאַלעסטינאַ האָבען אונז געפּרופט שטערען אין אונזער אַרבייט, מיר האָבען אָבער געקראָגען די עפענטליכע מיינונג אויף אונזער זייט, און אין 1916 האָבען מיר אַראַנזשירט אַ באָל, איינע פון די גרעסטע אונטערנעמונגען וואָס נאָרפאָלק האָט ווען געהאַט. מיר האָבען אַריינגעקראָגען 2000 פון באָל, די גאַנצע שטאָדט, אידען און קריסטען האָבען אונז געלויבט פאַר די גוטע אַרבייט, און ווען אונזער ברענטש האָט אונטערנומען צו פייערען דעם צעהן יעהריגען יובילעאום האָבען אונזערע מעמבערס געזאָגט אַז מיר קענען ניט האָבען אַן אייגענע שמחה ווען די גאַנצע וועלט איז אין פייער, ווען אונזערע שוועסטער און ברידער אויף יענער זייט ים שטאַרבען פאַר הונגער, און מיר האָבען איינשטימיג באַשלאָסען אַז אונזער יובילעאום מוז זיין אַזעלכער וואָס זאָל פאַרשאַפען פרייד אויך צו אונזערע הונגעריגע פון די מלחמה קרבנות, און דעם 12טען יאַנואַר 1919 וועט קיינער פון די אַנוועזענדע צו אונזער יאהרעספעסט ניט פאַרגעסען. אַזאַ ענטוזיאַזם קענען שאַפען אמת'ע ערנסטע מענשען פון אַ. ר. וויפיעל מיר זאָלען ניט וועלען באַשרייבען דיזען אָבענד וועלען מיר דאָך ניט קענען באַשרייבען אַלעס און ריכטיג, נור דעריעניגער וואָס האָט בייגעוואוינט דעם אָבענד קען האָבען אַ באַגריף. מיר האָבען געשאַפען די סומע פון $1600 און אַלע אידען פון שטאָדט האָבען זיך כמעט ניט געוואָלט גלויבען אַז דאָס האָט געקענט אויפטהון דער ברענטש פון א. ר. וועלכען זיי אַליין האָבען ערשט מיט צעהן יאָהר צוריק פאַראורטהיילט אויף אַ קורצען לעבען. היינט שטעהט דער ברענטש מיט אַ מעמבערשיפּ פון 160 (יעצט שוין אריבער) מיט שעהנע עטליכע הונדערט דאָלאַר אין טרעזשורי. מיר טאָן די אַרבייט שטיל, רוהיג אָהן טאַראַראַם, אָהן פּויקען, אָבער די רעזולטאַטען זיינען גלענצענדע, עס איז אויך כדאי צו באַמערקען אַז צו דיזען ברענטש געהערט דער קרעדיט וואָס מיר האָבען היינט אין נאָרפאָלק אַן אַרבייטער רינג קרעדיט יוניאָן, וועלכע אָרגאַניזאַציאָן ליהט אויס געלד אויף קליינע פּראָצענטען בלויז צו מעמבערס פון א. ר. ביז היינט האָט זי שוין אויסגעליהען $14,000 און זי עקזיסטירט בלויז זייט אַ יאָהר צייט, דער פּראָפיט פון דיזען אינסטיטושאָן וועט געהן פאַר אַן אייגען בילדינג, אַ „לייבאָר לייסעאום“ און דער ערפאָלג איז געזיכערט.

פאָרווערטס ברענטש 212 ! דער גאַנצער אַרבייטער רינג שטאָלצירט מיט דיר !

וו. ראַזען.

---

## צו אַלע אונזערע קאָרעספּאָנדענטען:

**אייערע קאָרעספּאָנדענצען וואָס זיינען נישט אריין אין דעם נומער וועלען אריין אין איינעם פון אונזערע נעקסטע נומערע.**

To the Postmaster:—Please give key number on all notifications pertaining to change of address.




אָפיציעלער אָרגאַן פון ארבייטער רינג

## פאַר יעדען יאָהר פון רינג נייע טויזענד מעמבערס!

## אינהאַלט:



# THE FRIEND

## OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMEN'S CIRCLE

AUGUST, 1919  אויגוסט, 1919.

# THE FRIEND

OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMEN'S CIRCLE

Published Monthly

ABRAHAM EPSTEIN, National Chairman — J. BASKIN, General Secretary
ISADORE COHEN, National Vice Chairman — P. GELIEBTER, Recording Secretary
M. J. ASPIS, Sec'y N. B. of Directors — I. B. BAILIN, Managing Editor — M. PERLOVITZ, Treasurer

Office of Publication:
11 Martha Place, Passaic, N. J.

General Office:
175 E. Broadway, New York, N.Y.



Subscription Rates:
Per Annum, 50c. Six Months, 25c.
Single Copy, 5 cts.

Entered as second class matter April 21, 1911, at the Post Office at Passaic, N. J.

# ווען איהר זייט אין דער קאָונטרי

לעזט אונזערע זיבען פאפולער-וויסענשאפטליכע ביכער וועגען אסטראנאמיע, געאלאגיע, פיזיאלאגיע און פאליטישע עקאנאמיע.

פרייז פאַר מעמבערס נאָר צוויי דאָלאר (פיער דאָלאר פאַר נישט מעמבערס).

מיר האָבען נאָך אַ באַגרענעצטע צאָהל עקזעמפלאַרען פון די 5 ביכער, וואָס מיר האָבען אַרויסגעגעבען פאַר צוויי יאָהרען איבער היגיענע, פיזיק, באָטאַניק, טרייד יוניאָניזם און סאָציאַליזם פון סאָצ.־רעוו. שטאַנדפונקט. פרייז פאַר מעמבערס בלויז איין דאָלאר (פאַר נישט מעמבערס $1.50).

אויב איהר קענט זינגען, וואָלטען מיר אייך ראַטען אויסצושרייבען פון אונז די פינף

„פרייהייטס-ליעדער"

וואָס מיר האָבען אַרויסגעגעבען מיט מוזיק און טעקסט. די קאָמפּאָזיציעס זיינען פאַרפאַסט אָדער אַראַנזשירט פון י. שייפער פאַר געמישע כאָרען מיט 4 שטימען. פרייז פאַר מעמבערס נאָר 75 סענט.

---

## אַרבייטער רינג עקזעקוטיוו דעפּאַרטמענט קאָמיטעס

האַלטען זייערע מיטינגען ווי פאָלגט:

אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע
מאָנטאג פון 7 אוהר אָוועגד.

סאַניטאַריום קאָמיטע
מיטוואָך, פון 8 אוהר אָוועגד.

גריוועגס קאָמיטע
מאָנטאג, פון 8 אוהר אָוועגד.

עדיוקיישאָנאל קאָמיטע
דאָנערשטאָג, פון 6 אוהר אָוועגד.

אָפיס קאָמיטע
מיטוואָך, פון 6 אוהר אָוועגד.

בענעפיט קאָמיטע
דאָנערשטאָג פון 8 אוהר אָוועגד.

די גענעראַל עקזעקוטיווע מיטעט יעדען ערשטען זונטאג אין מאָנאַט און איהר קענט נישט ערוואַרטען, אַז איהר זאָלט קריגען פאַר־טרעטער אין דעם טאָג פון דער עקזעקוטיווע צו אייערע אונטערנע־מונגען.

קאָמיטעס צו דער עקזעקוטיוו ווערען אויפגענומען צווישען 2 און 3 נאָכמיטאָג.

דער גרויסער קאַמפּיין איז אָפען, פאָרווערטס צו דער אַרבייט!

THE FRIEND



דער פריינד

Vol. X AUGUST, 1919 No. 8

# פון מאנאט צו מאנאט

**צוואנציג טויזענד** דער רוף פון דער גענעראל עקזעקוטיווע פאר א שוין דערגרייכט אלע אונזערע בראַנטשעס. דער נייעם שטורמדיגען מיטגליעדערשאפט־קאמפיין האָט סיגנאל איז געגעבען געוואָרען און די ריעזיגע מאשינעריע קומט אין שוואונג. פון פארשיעדענע בראַנטשעס קומען שוין אָן פייערליכע פארשפרעכונגען, אז זיי גרייטען זיך אלע פריהער־דיגע רעקאָרדס אין שטיקלאך צו צושמעטערען. אנדערע שטעדט, ווי ניו־יאָרק און נוארק, האלטען נאָך אָן דעם אימפעט פון דעם פריהערדיגען קאמפיין און האָבען איהם גאָנישט בדעה אָפּצו־שטעלען ביז דער צוואנציגסטער קאָנווענשאן. דער געלונגענער מאָטאָ פון דער גענעראל־עקזעקוטיווע: צוואנציג טויזענד נייע מיטגליעדער ביז דער צוואנציגסטער קאָנווענשאָן! — רופט ארויס אומעטום אן אמת'ע באגייסטערונג, וואָס איז בכח אויפ־צוטאָן וואונדער. די ערוואַרטונג פון דער צוואנציגסטער קאָנ־ווענשאן מיט אלע יובילעאישע פייערליכקייטען, וואָס זיינען מיט איהר פארבונדען, וועט אויך זיין א וויכטיגער סטימולאנט פאר אונזערע טויזענדער אונערמיעדליכע קאמפיינערס. זיי זיינען ווי די באריהמטע מלחמה־פערד, וואָס שטעלען אָן די גריוועס, מיט דעם באַקאנטען גאַלאָפּ־אינסטינקט, אזוי גיך ווי זיי דער־הערען נאָר די שטורעם־טענער פון דעם אטאקע־מארש. אין זיי־ערע ריכען צוקט אן אייביגע אומרוהיגקייט, א שטענדיגער דראַנג און ציטער פאר נייע גרעניצען. אפילו אָהן וועלכע עס איז אָנרעגונגען און סטימולען רייסען זיך זייערע פיס פון באָדען נאָך נייע דיסטאַנצען. דאָס ליגט שוין אין זייער נאטור; דאָס ליגט שוין אין זייער רויטער, קאָכיגער בלוט. אָבער נאָר דער ...רבעל־ווינט קען זיך פארגלייכען מיט זייער אימפעט, ווען ...ייצנדע שפּאָרען קומען מיט זיי אין באריהרונג, ווען עפּעס ...ענט נאָך אויף זייערע איינגעבאָרענע, שאַרף ענטוויקעלטע ...ושים.

אָהן שום ספק וועט אָבער אויך אונזער ברייטע מיטגליע־...ערשאַפט זיך אויסשטעלען אין די רייהען פאר דער גרויסער, ...ילייכט פאר דער נרעסטער ארבייט, וואָס דער ארבייטער־...נג האָט ווען עס איז אונטערנומען. איינגאנצען זיינען פאר־...ליבען נאָר צעהן מאָנאַטען צייט צו רעקרוטירען די נייע צוואנ־...ג טויזענד קעפּיגע ארמיי. דאָס מאכט אוים צוויי טויזענד ...יע מיטגליעדער פאר יעדען חודש ביז צו דער קאָנווענשאן, ...שווערע. געוואלדיגע אויפגאַבע. אָבער דאָס מוז דער־...ייכט ווערען, עס מוז דערווייזען ווערען! ...עקס הונדערט און צוואנציג בראַנטשעס ...בער דער לענג און דער ברייט פון די פאראייניגטע שטאאטען ...ן קענעדא מוזען אין אזוי פיעל רעקרוטען־צענטרען פארוואַנ־...לט ווערען. יעדער אָרענטליכער געזונטער און קלאַסען־באַ־

וואוסטער ארבייטער, וואָס איז נישט אריבער די 45 יאָהר, מוז גערופען ווערען צו פארגרעסערען און פארשטאַרקערען דעם אָר־דען. יעדער פאַטענדער פּראָגרעסיווער מענש אין די אידישע קווארטאַלען מוז אויפגעפאָדערט ווערען אריין אין רינג און מאַכען איהם ברייטער און מאסיווער. דער קאמפיין מוז גע־טראָגען ווערען אומעטום — אין דער יוניאָן, ווי אין דעם סאָ־ציאליסטישען פארטיי בראַנטש; אין שאַפּ, ווי אין אָפיס; אויפ'ן גאַס ווי אין שטוב, צו דעם מאַן ווי צו דער פרוי, צו דעם וואָס רעדט אידיש, אזוי גוט ווי צו דעם וואָס קען נאָר ענגליש.

אָהן קיינע פייערווערק און קעסעל־פויקען, אָבער מיט דער פאַנאַנדערוויקלונג פון דער פרעכטיגער א. ר. פּאַהן, מוזען אלע הינגעריסען ווערען פון דער שטורעמדיגער באַוועגונג, אזוי אז ווען אפילו אינדיפערענטע און שלאָפעדיגע וועלען זיך אויס־רייבענדיג די אויגען אומקוקען און פרעגען: וואָס טוט זיך עפּעס דאָ? — זאָל אפילו א קינד קענען ענטפערען: דאָס פיהרט דער ארבייטער רינג אָן זיין קאמפיין פאר צוואנציג טוי־זענד נייע מעמבערס!

* * *

**פופציג טויזענד** אויף אונזער גורל פאַלט אָבער אויס דעם יאָהר צו ערפילען נאָך א שווערע און הייליגע אויפגאבע. אונזערע הענט קענען זיך נישט הייבען צו טאָן וועלכע עס איז ארבייט אין דער צייט, ווען מיר ווייסען אז אויף יענער זייט ים ווערגען זיך אונזערע הונדערטער טויזענדער ברידער און שוועסטער מיט בלוט און מיט טרערען. דער אר־בייטער רינג איז כמעט די איינציגע אידישע אָרגאַניזאַציע אין דער וועלט, אין וועלכער עס זיינען פארטראָטען אלע באדיי־טענדע שטעדט און שטעדטלאך פון די אידישע גהעטאָס אין רוסלאנד, אוקראינא, קורלאנד, ווייס־רוסלאנד, ליטאָ, פוילען, גאַליציע און רומעניע. און הונדערטער פון די פריהערדיגע בליהענדע שטעדט מיט אידישע קהלות זיינען אונטערגעוואָרפען אונטער שווערד און הונגער, מגפות און פּאָגראָמען, שרעק און טרויער און אונבאשרייבליכע פורעניות. וויפיעל מיר האָבען זיך נישט פריהער פאָרגעשטעלט וועגען דער גרוים פון אומ־גליק און דער שרעקליכקייט פון דער נויט, איז עס אפילו נישט קיין צעהנט חלק פון דעם, וואָס עס איז אין דער ווירקליכקייט. מענער און פרויען, אלטע און יונגע, קינדער און עופה'לאך געהען אוים פאר הונגער און פאר שרעק אין די הונדערטער און אין די טויזענדער. געלט איז נויטיג, נאָך מעהר ווי ווען עס איז פריהער. הילף מוז קומען — א שנעלע, א גרינדליכע און א פולהאַרציגע. שיפען מיט שפייז און מיט קליידער וועלען יעצט קענען רעגולערער און פינקטליכער קורסירען און מיר

קענען פּראָסט פּשוט מיט אונזערע דאָלארס ראַטעווען לעבענס.

דער רוף פון אונזער גענעראַל־עקזעקוטיווע פאַר א נייעם „דרייוו“ פון פופציג טויזענד דאָלאר פאַר רעליעף ארבייט קומט דעריבער אין דער פּאַסענדסטער צייט. דאָס איז צוויי מאָל אזוי פיעל, וויפיעל מיר האָבען פאַר׳ן זעלבען צוועק געשאַפען פאָריגען יאָהר און עס וועט זיך פאָדערען צוויי מאָל אזוי פיעל ענערגיע און ארבייט. הגם פון דער צווייטער זייט האָבען מיר שוין ערוואָרבען זיך א היבשע מאָס ערפאַהרונג אין דער טעטיגקייט, און טעות׳ן פון די פריהערדיגע יאָהרען קענען יעצט לייכט אויסגעמידען ווערען, פונדעסטוועגען וועט אונז אויסקומען צו ארבייטען אונערמיעדליך ביז מיר וועלען אונזער פולע קוואָטא שאַפען.

אָבער וועלכער געטרייער א. ר. מיטגליעד האָט עס מורא פאַר שווערער ארבייט? און האָבען נישט אונזערע ווירדזשיניא ברענטשעס אין דעם לעצטען יאָהר געוויזען, אז אין דער ארבייט פאַר רעליעף איז איבערהויפּט נישטאָ קיין אוממעגליכע זאַך? בפרט נאָך, אז עס זעהט אויס, אז דאָס איז דאָס לעצטע מאָל, ווען אידען פון יענער זייט ים וועלען זיך נויטיגען אין אונזער הילף. די ריעזיגע כחות און די לעבענספעהיגקייט פון דער אידישער נאַציאָן האָבען זיך אין די לעצטע יאָהרען פון אייראָפּעאישען חורבן ארויסגעצייגט ווי נאָך קיינמאָל נישט פריהער. די קוואלען ענערגיע און טעטינקייט, וועלכע האָבען געדרעמעלט אין אונזער פאָלק פאַר יאָהרהונדערטער, שפּרודלען יעצט ארויס פון אונטער יעדען שטיין. מיר זיינען נישט פון די פּעסימיסטען, וואָס האָבען נאָר שווארצע זעהונגען פאַר׳ן אידישען פאָלק, אויב זיינע געצעלטען וועלען נישט ווערען אויפגעשלאָגען נעבען דעם ירדן...

אָבער דערווייל, ביז עס וועט קומען די נחמה, איז נויטיג יעדער לויט פון אונזער ענערגיע, יעדער איבעריגער דאָלאר פון אונזער פאַרמעגען, יעדער איבעריגער ביסען פון אונזער מויל — פאַר זיי... דען אויב עס איז א מאָל פון א מויל ארויסגעזאָגט געוואָרען דער "לא תעמוד על דם רעך“, לושעט ער יעצט איינפאַך אין אונזערע אויערען, הילכט ער אין אונזער געהירן און זיין עכאָ קלינגט אָפּ ווייט און ברייט אין אונזער הארצען...

אין אונזער וויסטען, צובראָכענעם, חורבה׳דיגען, אָבער דאָך וואַרעמען אידישען הארצען...

* * *

**מיר און די יוניאָנס** פלייש פון אונזער פלייש און א ביין פון אונזערע ביינער זיינען זיי די פאראייניגטע קערפּערשאַפטען פון ארבייטער אין איין טרייד, אָדער אינדוסטרי. זייערע פריידען זיינען אונזערע און אזוי אויך די ליידען. זייערע קעמפּפע זיינען אונזערע און אונזערע פיינד זיינען דיזעלבע. די מיטינגען פון אונזערע ברענטשעס באַשעפטיגען זיך נישט נאָר זעלטען מיט יוניאָן־פראַגען, נישט נאָר אין טעאָריע, נאָר טאַקע אויך אין דער פּראַקטיק. נישט איין סטרייק האָט פאַרנומען דעם אויבען־אָן אין צעהנדליגער א. ר. ברענטשעס, שוין נישט רעכענענדיג די צעהנדליגע טויזענדער דאָלאר שטיצע, וואָס אונזערע ברענטשעס, דורכ׳ן גאַנצען לאַנד, צוטיילען פאַר וויכטיגע סטרייקס. די וואָס זיינען אָפּט אנוועזענד אויף די זיצונגען פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע ווייסען, אז פיעל מאָל ווערען לאַנגע שעה׳ן פאַרנומען מיט דער פאַרהאַנדלונג פון יוניאָן־פראַגען. א העלפט צייט פון דער לעצטער ספּעציעלער זיצונג פון דער עקזעקוטיווע איז אוועקגעגעבען געוואָרען א פראַגע פון אַן אויסשליסליכען יוניאָן־כאַראַקטער.

אָבער צו וואָס זיך ברעכען אין אַן אָפענער טיר: איינע פון די וויכטיגסטע באַדינגונגען, וואָס מיר שטעלען א קאַנדידאַט צום ארבייטער רינג, איז, אז ער מוז באַלאַנגען צו א יוניאָן, אויב ער איז אַן ארבייטער און זיין טרייד איז אָרגאַניזירט. און עס איז גאַנץ נאַטירליך: דער א. ר. שטעהט אויפ׳ן שטאַנדפּונקט פון קלאַסען־קאַמף און פאַר דער אָפּשאַפונג פון לוין־שקלאַפעריי און עס איז גאַנץ פאַרשטענדליך וואָס מיר זיינען סאָציאַליסטיש און יוניאָניסטיש.

ליידער ווערט דער פאַקט נישט גענוג אָפּגעשאַצט ביי איינינגע יוניאָנס. אין קיינע פון די יוניאָן־קאָנסטיטוציעס איז נישטאָ קיין פּונקט, אז יעדער יוניאָן־מאַן, וואָס וויל באַלאַנגען צו א פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפט, מוז נאָר אריינטרעטען אין א. ר. און נישט אין קיין באַלעבאַטישען אָרדען. מעגליך, אז דער פאַקט, וואָס זיי זיינען קאַמפּס־אָרגאַניזאַציאָנען און שטענדיג אין דער פייער־ליניע, גיט זיי נישט קיין געלעגענהייטען צו פאַרקלערען זיך וועגען דער פראַגע. אָבער צו אלץ מוז זיין א צייט. די יוניאָנס, וואָס האָבען זיך שוין יעצט אָנגעהויבען צו אינטערעסירען מיט זייערע מיטגליעדער אויך אויסער דעם שאַפּ, וועגען זייער בילדונג, פאַרוויילונג א. א. וו., טאָרען נישט פאַרגעסען אויך זייער חוב צו דעם ארבייטער אָרדען און צו דעם קלאַסען־פּרינציפּ. סוף־כל־סוף איז דאָך דער בעסטער יוניאָן־מאַן, וואָס וויל נישט באַלאַנגען צו קיין ארבייטער־אָרדען, נאָר רוקט זיך אין די „היכע“ פענסטער, נישט ווייניגער ווי א האַלבער סקעב, און ווער ווייסט — אפשר גאָר א גאַנצער...

שוין צייט אז אונזערע יוניאָן־טוער זאָלען א טראַכט טאָן וועגען דעם.

* * *

**פון דער נ. ב. ד. דער צוזאַמענפאָהר** דער צוזאַמענפאָהר פון די דירעקטאָרען פון דער נאַציאָנאַלער באָארד, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין גענעראַל אָפיס פון א. ר. דעם 4טען, 5טען און 6טען יולי, איז געווען זעהר אינטערעסאַנט און מיר וועלען מסתמא האָבען אין נעקסטען נומער א ספּעציעלען עדיטאָריעלען נאָטיץ וועגען די פאַרהאַנדלונגען ווי אויך די פּראָטאָקאָלען פון דעם צוזאַמענפאָהר. מיר קענען זיך אָבער נישט צוריקהאַלטען פון מאַכען א קורצע באַמערקונג וועגען דעם שלום פון דעם צוזאַמענפאָהר. (דאָס איז געווען דער לעצטער צוזאַמענפאָהר פון דער באָארד, וואָס איז אויסגעקליבען געוואָרען פאַר צוויי יאָהרען פאַר דעם טערמין פון צוויי יאָהר.)

דאָס געזעגענען זיך האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט א ריהרענדע סצענע, וואָס האָט געקענט היגרייסען אפילו גאַנץ פּראָזאַאישע מענשען און האָט געקענט דערמאָנען מאַנכע שלוסע פון די בונדישע פּאַרטיי־באַראַטונגען אין דער אַלטער היים. קושען האָבען געקלונגען, אויגען האָבען זיך געטרעהרט. פּר. אב. עפּשטיין האָט קוים געקענט איבערקומען זיינע אויפגעשוואונגענע עמאָציאָנען און דער סעקרעטער פון דער באָארד פר. אשפּיז, איז געווען אויך אזוי פיעל גערירהט, אז ער האָט נישט געפונען קיין ווערטער צו דאַנקען פאַר דעם שעהנעם פּרעזענט, וואָס די דירעקטאָרען האָבען איהם צוגעטראָגען אלס אויסדרוק פון אויסגעצייכענטער און איבערגעגעבענער ארבייט.

* * *

ווען מיר געהען צום פרעס דערוויסען מיר זיך פון דעם גרויסען זיעג, וואָס די בראַווע קאַפּענמאַכער יוניאָן האָט אָפּגעהאַלטען אין זייער לעצטען סטרייק, און מיר גראַטולירען זי

הארצליך. מיר זיינען איבערציינגט, אז אויך די איבעריגע שווע־רע קעמפע, וואס ווערען איצט געפיהרט פון די שוירט־מייקערס, קארפענטער, פיינטער, א. א. וו., וועלען גיך געבראכט ווערען צו פאלשטענדיגע נצחונות פון די מוטיגע סטרייקער.

* * *

**א געטרייע קינד פון בונד**

דער דווינסקער בר. 75 א. ר. האט געפייערט לעצטען מאנאט זיין פופצעהן־יעהריגען יובילע־אום. מיט מוזיק און ברוב־עם, אין א שעהנעם פארק, נישט ווייט פון די קיהלע־ווינטעלאך פון הארלעם ריווער, ביי שעהן־געדעקטע טישען און א ביסעל טריפה'נע משקה אונ־טער די טישען, האבען זיך די מיטגליעדער פון ברענטש און זייערע הונדערטער פריינד משמח געווען ביז א שטיק נאך חצות. שפילערהייט איז זיך אנגענאנגען א זאמלונג פאר די מלחמה־קרבנות, דורך פארשפרייטע קארדס און ענוועלאפס, אבער דער־פאר האבען זיך גאנץ רוהיג און לעבעדיג געטראגען די בונ־דישע הימנען און מארשען, אז צייטענווייז האט מען זיך פאר־געסען, וואו מ'איז דא אין ערגעץ...

בר. 75 איז געבליבען א געטרייע קינד פון בונד ביז יעצט. נישט נאר נעמט ער אן אקטיווען אנטייל אין אלע סאציאליס־טישע ארבייטען דא אין לאנד, נאר ער האט נאך אלץ דעם ספע־ציעלען טעקס פאר'ן בונד, וואס איז געווארען איינגעפיהרט מיט יאהרען צוריק. זיין מיטגליעדערשאפט איז א געקליבענע און צעהלט זאגאר צווישען זיך איינינע באדייטענדע פערזענליכ־קייטען פון אונזערע קרייזען.

דער ברענטש האט אויך ארויסגעגעבען א געשמאקפולען און שעהנעם סואוועניר—יובילעאום זאמעל־בוך, רעדאגירט פון ב. וואלאס און ז. שפייער.

**דיסטריקט דאקטוירים**

.. צי דאס איז פראקטיש אומעטום צי ניט, אבער ניו־יארקער ברענטשעס, יעדענפאלס די גרעסטע טייל פון זיי, דענקען, אז פאר ניו־יארק וועט עס ארבייטען אויסגעצייכענט. דער דעפארטמענט האט זיך שוין ארגאניזירט, מיט נויטיגע בעאמטע און א באצאהלטען סעקרעטער, און אין איינינע טעג ארום וועט שוין די ארבייט זיין אין פולען גאנג. די ברענטשעס, וואס האבען זיך נאך נישט אנגעשלאסען צוליעב נאכלעסיגקייט, טוען מיט דעם שאדען נישט נאר זייערע אייגענע מיטגליעדער, נאר די גאנצע באוועגונג פאר'־קאאפעראטיווע מע־דיצינישע הילף.

* * *

**די לעהרער קורסען**

כדי צו זיין אימשטאנד צוצושטעלען גענוג קאמפעטענטע לעהרער פאר אלע אונזערע ענטשטעהענדע א. ר. שולען, עפענט די עדיו־קיישאנאל קאמיטע פון א. ר. א דריי־מאנאטליכען לעהרער־קורס פאר לעהרער פון פאבליק סקוהל, וואס דארפען זיך פארפאלקאמענען אין אידישע און נויטיגע סאציאליסטישע למודים. דער קורס וועט זיך אנהייבען דעם דריטען אוי־גוסט אין די רומס פון דער הארלעמער א. ר. שול און וועט זיין נוצליך אפילו נישט פאר לעהרער פון פאבליק סקוהל, נאר פאר אלע אינטעליגענטע מענשען, וואס פיהלען אין זיך דעם לעהרער בארוף און וואלטען וועלען דיענען דער א. ר. שול־באוועגונג. יעדערער, וואס וועט אויסהאלטען דעם עקזאמען, וועט גלייך קענען קריגען א שטעלע אלס לעהרער אין איינעם פון אונזערע ניי־געגרינדעטע שולען.

# דאס באהאלטענע טייכעל

פון י. אדלער

אין טיעפען וואלד א טייכעל רוהט
באהאלטען ווי א סוד;
פון טייכעל וויסט א מיידעל בלויז,
א מיידעל בלויז און גאט...

אין זומער־טעג זי קומט אהין
און טוט זיך דארטען אויס,
און באדט איהר שעהנעם קערפער אויס
און געהט צוריק ארויס.

עס קומען מענשען ניט אהין,
זיי וויסען ניט דעם וועג;
דאס מיידעל נור עס קומט אהין
אין הייסע זומער־טעג.

זי געהט ארויס און טרייסעלט אפ
דאס וואסער פון איהר צאפ,
און פון דער הויך א זונען־שטראהל,
ער שפיעלט זיך אויף איהר קאפ...

נור ווי מען קומט צום טי־עלע,
דאס איז א טיעפער סוד;
איהר קערפער ווערט באוואונדערט נור
פון שטראהלען און פון גאט...

---

דער גענעראל אפיס פון א. ר. האט באשטעלט צו דרוקען א ביליאן בילס. א היבשער ארדער פאר א היבשען ארדען...

* * *

זומער איז מאקע היים, אבער ארבייטען פאר דער זאך מוז מען, גיב מ'וויל נישט עס זאל ווערען אזוי קאלט, אז מ'זאל דארפען מערען...

יא, מ'האט דעבס'ן ארויסגעלאזט פון מאונדסווילער טורמע — און אריינגעזעצט אין אטלאנטא'ר פעניטענשערי...

* * *

עס טרעפט אמאל אויך, אז עס פארבלאנדזשעט א קראסיק צווישען העכט, אזוי ווי עס פאלט אמאל אויך אריין צווישען די קאנסומפטיוו קראנקע אין אונזער סאניטאריום... א נערווען־צוריטעלטער חלה...

# די אַמעריקאַנער ס. פּ. און דער סאָצ. אינטערנאַציאָנאַל

פון י. ב. סאלוצקי

(אין פאַרבינדונג מיט דעם באַשלוס פון דעם באָסטאָנער צוזאַמענפאָהר פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע).

דער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל איז אזוי צו זאָגען דער סאַמע שפּיץ, דער דאַך פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. ווען די באַוועגונג איז געבראָכען אין כמעט אַלע איהרע טיילען, כמעט אין איהר סאַמע פונדאַמענט, וואָלט, איינענטליך, באַדאַרפט זיין די לעצטע זאַך צו פאַרטראַכטען זיך וועגען דעם, ווי און ווען עס זאָל אויפגעבויט ווערען דער אינטערנאַציאָנאַל. פריהער קומט דער פונדאַמענט, דערנאָך די ווענט, דער סקעלעט פון דעם בנין, און דער דאַך ערשט צום סוף, — די קרוינונג פון דער גאַנצער ארבייט. אזוי איז עס אין יעדער בויאונג, און אזוי וואָלט עס אויך אודאי באַדאַרפט זיין אין'ם פאַל פון דער סאָציאַליסטישער בויאונג אָדער ווידעראויפבויאונג.

פאַקטיש איז דאָס ניט אזוי. די פראַגע פון דער סאָציאַליסטישער ווידעראויפבויאונג, אָדער אויב איהר ווילט — פון דעם סאָציאַליסטישען רענעסאַנס, ווידערגעבורט — ווערט אַנדערש געשטעלט. מיר מוזען האָבען דעם דאַך א סך פריהער, ווי אַלע אַנדערע, נידעריגערע טיילען פון דער געביידע. די סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז פאַראינטערעסירט צו האָבען איהר אינטערנאַציאָנאַלען צענטער, איידער עס איז פאַרטיג דער סקעלעטאָן פון בנין. אזוי גיך נאָר ווי מען קאָן אויפשטעלען די רישטאָוואַניעס און גרייכען אזוי הויך ווי דער פּלאַץ, וואו עס דאַרף זיך געפינען דער דאַך, הויבען מיר אָן צו טראַכטען וועגען דעם דאַך. ריכטיג זאָגט די רעזאָלוציע, וואָס עס איז אָנגענומען געוואָרען אויף דעם באָסטאָנער צוזאַמענפאָהר פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע:

„עס איז וויכטיג, אז די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע באַוועגונג זאָל ווידער אויפגעבויט ווערען אזוי גיך, ווי מעגליך. אינטערנאַציאָנאַליזם אין גייסט און אין פּראַקטיק איז דער רוקען־ביין פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. די ווידעראויפבויאונג פון דעם סאָציאַליסטישען אינטערנאַציאָנאַל דאַרף אָבער האָבען אין אויג די סבות וואָס האָבען געבראַכט צום אונטערגאַנג פון דעם צווייטען אינטערנאַציאָנאַל און זעהן זיי פאַרמיידען.“

יע, דער אינטערנאַציאָנאַליזם איז דער רוקען־ביין פון אונזער באַוועגונג, די נשמה פון דער באַוועגונג, און אָהן אָט דער נשמה איז די באַוועגונג א טויטער קערפּער, וועלכען מען קאָן געוויסערמאַסען גאַלוואַניזירען, מאַכען מעכאַניש צו באַוועגען זיך, אָבער — ס'וועט איהם פעהלען דער לעבעדיגער שוואונג.

און א טרויעריגער פאַקט, אָבער דאָך א פאַקט — די מלחמה האָט, צווישען איהרע נצחונות און קרבנות, אויך צו פאַרצייכענען דעם נצחון איבער דעם אינטערנאַציאָנאַליזם: דער אינטערנאַציאָנאַל איז געווען דער ערשטער גרויסער קרבן וואָס איז געפאַלען אויף איהר מזבח.

דאַרף מען דעם אינטערנאַציאָנאַל צוריק אויפבויען.

אָבער — ווי אזוי? פון וועלכע עלעמענטען? אויף וועלכע יסודות?

ארום אָט דעם פונקט האָט זיך אנטוויקעלט א העפטיגער ויכוח אין דער הינער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. דער ויכוח האָט געפונען נאָך א שטאַרקערען אָפּקלאַנג אין אונזערע אידישע סאָציאַליסטישע קרייזען; וואָרים פון אַלע נאַציאָנאַלע גרופּען, וואָס שטעלען צונויף די הינע סאָציאַליסטישע באַוועגונג, איז די אידישע איינע פון די וואָס איז אַם מעהרסטען עמפּינדליך צו די פראַגען פון דעם אייראָפּעאישען סאָציאַליסטישען לעבען.

דער פּאַרזוך וואָס איז געמאַכט געוואָרען אין בערן — אין דער שווייץ — צוריק אויפצושטעלען דעם אינטערנאַציאָנאַל פון דער אָרגאַניזאַציאָנעלער שיריים, וואָס זיינען נאָך איבערגעבליבען פון דעם צווייטען אינטערנאַציאָנאַל — דורך זיין פריהערדיגער עקזעקוטיווע און הויפּט־בעאַמטע — האָט ניט ארויסגערופען קיין צוטרויען.

דער פּאַרזוך איז געווען באַגלייט פון אזוי־פיעל אינערליכע ווידערשפּרוכען, אז ביים בעסטען פאַרלאַנג צו גלויבען אין די בעסטע כונות פון די איינבאַרופער פון דער קאָנפערענץ האָט זיך פון סאַמע אָנהייב געלאָזט פאַראויסזאָגען, וואָס עס האָט נאָכדעם פּאַסירט — דער פולשטענדיגער מאָראַלישער צוזאַמענברוך פון דער אונטערנעהמונג.

בעת די קאָנפערענץ איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען, כמעט אין דיזעלביגע טעג איז אין בערלין און אין האַמבורג און אין מינכען, מיט איין וואָרט, אויף די גאַסען פון אַלע גרויסע אינדוסטריעלע שטעדט אין דייטשלאַנד, אָנגעגאַנגען א העפטיגער קאַמף צווישען די רעוואָלוציאָנערען פון דעם „ספּאַרטאַקוס“־בונד (די פּאַרטיי פון ראָזא לוקסעמבורג און קאַרל ליעבקנעכט) און די רעגיערונגס־סאָציאַליסטען, מיט דעם הערן שיידעמאַן אָן דער שפּיץ און גוסטאַוו נאָסקע אַלס דעם סטאָליפּין פון דער דייטשער רעוואָלוציע. די אומאָפּהענגיגע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי פון דייטשלאַנד, פון וועלכע האַאזע, לעדעבור, קאַוטסקי און אַנדערע זיינען די וואָרט־פיהרער, — א פּאַרטיי וואָס שטייגט מיט יעדען טאָג אין מאַכט און באַדייטונג — איז אין ביטערען פאַרביסענעם קאַמף מיט דער מעהרהייט פּאַרטיי (די שיידעמאַן־נאָסקעס און אַנדערע). און די בערנער קאָנפערענץ האָט גערופען צו איין בעראַטונגס־טיש די פאָרשטעהער פון אָט די דריי פּאַרטייען. באַגרייפט דעם אונזין פון דער לאַגע: שיידעמאַנ'ס מענשען אין בערלין האַלטען פאַרשפּאַרט אין טורמע די פיהרער פון די אומאָפּהענגיגע, ווי לעדעבור. נאָסקע אונטערדריקט, מיט דער הילף פון יונקערשע הענט און פאַריונקערטע סאָלדאַטען, די נאָכפאָלגער פון ליעבקנעכט, מעהרינג און לוקסעמבורג. און אין בערן — זאָל חערשען די זיסע אידיליע: די פאָרשטעהער פון די אַלע דריי פּאַרטייען וועלען זיך געמיינשאַפטליך אונטערהאַלטען און דיסקוטירען גוטמוטיג, וואָס עס איז בעסער פאַר דעם עתיד לבוא: א סאָוויעטען־רעגיערונג צי א פּאַרלאַמענטארישע רעמאָקראַטיע.

נאָך שרייענדער, אויב עס איז איבערהויפּט מעגליך געווען א מעהר שרייענדער ווידערשפּרוך, איז געווען די לאַגע וואָס איז באַשאַפען געוואָרען אויף דער בערנער קאָנפערענץ פאַר די רוסישע פּאַרטייען. אהינצו האָט מען איינגעלאַדען די פּאַרטייען וואָס פיהרען אין רוסלאַנד גופא א העפטיגען קאַמף געגען דער סאָוויעטען־רעגיערונג. מען האָט אפילו ניט געזאָרגט אויסצומיידען איינצולאַדען אפילו די פּאַרטייען און גרופּען (סאָציאַליסטישע), וואָס האָבען אַפּעלירט צו אויסלענדישער מיליטערישער אריינמישונג (באַוואָפענטע אינטערווענציע). און נאָך איידער וואָס ווען האָט מען קלאָר געמאַכט, אז די בערנער קאָנפערענץ וועט משפּט'ען דעם באָלשעוויזם, דעם סאָוויעטיזם און די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט. די בערנער קאָנפערענץ האָט ניט איינגעלאַדען דעם אַדמיראַל קאָלטשאַק, אָבער אפילו ווען זי וואָלט איהם אליין, בכבודו ובעצמו, איינגעלאַדען, וואָלט זי אויך ניט באַשאַפען קיין מעהר ווידערשפּרעכליכע און אונמעגליכע לאַגע.

די בערנער קאָנפערענץ איז געווען פון אָנהייב פאַר'משפּט

איין נייסטיגע אהנמעכטיגקייט. איהרע איינבערופער האבען געזוכט ווידער אויפצושטעלען דעם געפאלענעם בנין פון די איבערגעפוילטע זיילען און פון די צופלאצטע שויבען. דער סוף פון דער אונטערנעמונג האט באוויזען, ווי האפנונגסלאז זי איז געוועזען אין סאמע אנפאנג. און אז מען דערמאנט זיך, אז עמיל וואנדערוועלדע, דער פארזיצענדער פון צווייטען אינטערנאציאנאל און איצטיגער בעלגישער מיניסטער, איז געזעסען בעת המעשה אין דער ווערסאלער פריעדענס־קאנפערענץ און האט ביז דער לעטער מינוט פון חתמ'ענען דעם פריעדענס־אפמאך ניט געפונען קיין מוט אדער קיין גרונד מיט וואס ארויסצוטרעטען נעגען דעם דאקומענט פון „פאטישער גערעכטיגקייט", ווערט קלאר, אז מיט'ן פשוט'ן פארבייגעהן די ערפאהרונגען פון די לעצטע פינף בלוטיגע יאהרען האט מען ניט געקאנט קיין זאך לייזען און וואס עס איז פארענפערען.

די רוסישע באלשעוויקעס און די דייטשע ספארטאקאנער האבען זיך ניט באטייליגט אין דער בערנער קאנפערענץ. זיי האבען איינגערופען אן איינענע קאנפערענץ אין מאסקווע. אבער זיי האבען ניט ארויסגעוויזען קיין גרעסערען פאליטיש־פארטייאישען שכל אדער טאקט, אין דער ארגאניזירונג פון דער מאסקווער קאנפערענץ, ווי די מחברים פון דער קאנפערענץ אין בערן. פונקט ווי די ערשטע זיינען געווען צושוואומען און פרינציפענלאז אין פיעלע הינזיכטען, אזוי האבען די צווייטע ארויסגעשטעלט סעקטאנטישען פאנאטיזם און פארטיזאניש־פראקציאנעלע מאטיווען, אלס די העכסטע פרינציפען פון סאציאליסטישער בויאונגס־ארבייט.

די איינבארופער פון דער מאסקווער קאנפערענץ האבען גערופען בלויז פארטייען און גרופען, וואס זיינען בארייט בלינד אונטערצושרייבען אלץ וואס טראגט דעם שטעמפעל פון באלשעוויזם. די סאציאליסטישע פארטיי פון אמעריקא, צ. ב. ש., האבען זיי ניט געוואלט רופען. בלויז די ס. ל. פ. איז געוועזען כשר גענוג פאר באטייליגונג אין דער מאסקווער אסיפה. די פראנצויזישע פארטיי, מיט לאנגע, קאשען און פאסאר'ן אלס ווארט־פיהרער איז ניט גוט גענוג; סיידען עס וועט זיך געפינען ערגעץ א מינאריטעט, וואס וועט זיך אליין ערקלערען פאר א מינאריטעט און פאר א מעהר ראדיקאלע, און, ווי באקאנט, איז יעדע מינאריטעט מעהר ראדיקאל. נאר, להבדיל, לויט דעם רעצעפט פון די פועלי־ציוניסטישע קאנגרעסען פון מינאריטעטען, וואס האבען זיך ערווארבען אזא שם אין אונזער אידישער אמעריקא.

דער מאסקווער אינטערנאציאנאל איז איינענטליך געשאפען געווארען מיט דער אפענער אפזיכט ארויסצורופען א קינסטליכע שפאלטונג אין די באוועגונגען פון די אנדערע לענדער. און ביז א געוויסער מאס איז דער פארזוך, אין דעם פרט, געוועזען ערפאלגרייך. ער האט ארויסגעגעבען פון פאראויס א הכשר פאר יעדער מינאריטעט פון איינעם פון די צוויי צו שפאלטען זיך פון דער באטרעפענדער ארטינער באוועגונג און קרוינען זיך פאר א לינקען פליגעל, אן אפאזיציע און וואס ניט. און אויב אן אפאזיציע איז דער וועג אין מאסקווע אויסגעלעגט מיט בלומען. די וויכטיגסטע פרינציפיעלע דעקלאראציעס פון דער מאסקווער קאנפערענץ האבען דערוויזען, אז לכל הפחות דערווייל האבען די איניציאטארען ניט געהאט קיין אנדער כונה, ווי צו דערמוטיגען אט די שפאלטונגען, האפענדיג אויף אזא אופן צו קריסטאליזירען א באלשעוויסטישע שטימונג אין די לענדער, וואו די פארטייען האבען חשק צו געהן מיט זייער איינענעם וועג און נים בלינד צו פאלגען די מעטאדען פון רוסישען באלשעוויזם.

אונטער אזעלכע אומשטענדען האט דער באסטאנער צוזאמענפאהר פון דער אידישער פעדעראציע ניט איינגעזעהן קיין מעגליכקייט צו פארבינדען ארגאניש די סאציאליסטישע פארטיי פון אמעריקא מיט וועלכען עס איז פון די צוויי פארזוכען. זאגט די רעזאלוציא, פון וועלכער מיר האבען שוין פריהער ציטירט:

„פארלויפיג זיינען געמאכט געווארען צוויי פארזוכען ווידער צו שאפען א סאציאליסטישען ארבייטער אינטערנאציאנאל. איין פארזוך איז געמאכט געווארען אויף דער קאנפערענץ פון די קאמוניסטישע פארטייען אין מאסקווע, רוסלאנד. קיינער פון די צוויי פארזוכען האט פארלויפיג ניט געלייזט דאס פראבלעם, וואס שטעהט פאר דער אינטערנאציאנאלער סאציאליסטישער באוועגונג.

„די סאציאליסטישע פארטיי פון אמעריקא קען ניט אנערקענען די בערנער אינטערנאציאנאלע קאנפערענץ, ווייל זי האט אין זיך ארייננענומען אזעלכע פארטייען, וועמעס טעטיגקייט עס שטעהט אין א פאלשטענדיגען ווידערשפרוך מיט דעם אינטערנאציאנאלען רעוואלוציאנערען סאציאליזם און אויסגעשלאסען אזעלכע פארטייען, וועלכע זיינען אין פולען איינקלאנג מיט די פרינציפען פון דעם רעוואלוציאנערען אינטערנאציאנאליזם.

„די סאציאליסטישע פארטיי פון אמעריקא קאן אויך פארלויפיג ניט פארבינדען זיך ארגאניש מיט דעם אינטערנאציאנאל פון מאסקווא, ווייל דער דאזיגער אינטערנאציאנאל האט פאקטיש און אין טעאריע אויסגעשלאסען פון זיינע רייהען אזעלכע פארטייען, וועלכע זיינען אין פולען איינקלאנג מיט דעם רעוואלוציאנערען אינטערנאציאנאלען סאציאליזם."

דער צוזאמענפאהר פון דער פעדעראציע האט אבער אנגעצייכענט א וועג, אויף וועלכען עס זאל געריכטעט ווערען די טעטיגקייט פון דער פארטיי אין פרט פון איבערבויען דעם סאציאליסטישען אינטערנאציאנאל. דער וועג, אויף וועלכען עס ווייזט אן די רעזאלוציע פון דעם באסטאנער צוזאמענפאהר און אויף וועלכען עס וועט זיך גאנץ וואהרשיינליך שטעלען אויך דער קומענדער צוזאמענפאהר פון דער גאנצער פארטיי אין שיקאגא — דעם 30טען אויגוסט — ענטהאלט צוויי אנווייזונגען. ערשטענס — א פרינציפיעלע אנווייזונג:

„דער דריטער צענטער פון רעוואלוציאנערען פראלעטאריאט, אין דער איצטיגער איבערגאנגס־צייט פון קאפיטאליזם צו סאציאליזם, דארף ארומנעמען און ארגאניש פאראייניגען אלע עלעמענטען אין דער אינטערנאציאנאלער סאציאליסטישער באוועגונג, וואס שטעהען ענטשיעדען אויף דעם שטאנדפונקט פון קלאסען־קאמף, וואס נעמען אריין די רעוואלוציאנערע מאסען־אקציאן פון פראלעטאריאט אלס פונדאמענטאלען טייל פון דער פראלעטארישסאציאליסטישער באוועגונג און וואס באציהען זיך צו דעם בורזשואזען שטאאט ווי צו אן אינסטרומענט פון קלאסען־הערשאפט."

דאס זיינען די פרינציפען, וואס אלע אנטיילנעמער פון דעם קינפטיגען סאציאליסטישען אינטערנאציאנאל דארפען קענען. און פראקטיש, כדי צו שטאנד צו ברענגען אן ארגאניזאציע פון אינטערנאציאנאל, שלאגט פאר די רעזאלוציע:

„זאל די אמעריקאנער סאציאליסטישע פארטיי אויפפאדערען דעם פראוויזאריש געגרינדעטען אינטערנאציאנאל פון מאסקווע, אז ער זאל נעמען שריט צונויפצוברענגען און צו ארגאניזירען אין איין אינטערנאציאנאל אלע סאציאליסטישע רעוואלוציאנערע פארטייען, וועלכע שטעהען אויף די פרינציפען, וועלכע זיינען אנגעגעבען געווארען אויבען, און אז די סאציאליסטישע פארטיי אין אמעריקא זאל נעמען אויף זיך די פליכט צו העלפען דעם מאסקווער פראוויזארישען אינטערנאציאנאל די דאזיגע אויפגאבע דורכצופיהרען."

דעם אלגעמיינעם זינען פון דער פארפאסטער רעזאלוציע האט אויסגעדריקט דער פארשטעהער פון דער רעזאלוציאנס־קאמיטע אויף דעם באסטאנער צוזאמענפאהר שליסענדיג זיין פארטיידיגונג פון דער שטעלונג, וואס איז נאך דעם אויך אנגענומען געווארען:

אונזער רעזאלוציע פאדערט די פולשטענדיגע אנערקענונג פון די פאלגענדע פרינציפען פאר יעדען אנטיילנעמער אין דער קינפטיגער אינטערנאציאנאלער סאציאליסטישער פארטיי:

1) טרייהייט, אין טעאריע און אין פראקטיק, צו דעם פרינציפ פון אונקאמפראמיסליכען קלאסען־קאמף, און די באציהונג צום בירגערליכען שטאאט, ווי צו אן אינסטרומענט פון קלאסען־הערשאפט און קלאסען־אונטערדריקונג.

2) טרייהייט, אין טעאָריע און אין פּראַקטיק, צו דעם פּרינציפּ פון רעוואָלוציאָנערער מאַסען־אַקציע.

מען קאָן זאָגען, אַז קיינע פון די פּרינציפּעלע פאָדערונגען איז ניט ניי. דאָס איז אמת: זיי זיינען ניט ניי. די סאָציאַליסטישע טעאָריע האָט זיי אַלע מאָל באַטראַכט אַלס פונדאַמענטאַלע. אָבער אין דער פּראַקטיק האָט מען זיי אויסגעביטען אויף פּאַפּירענע רעזאָלוציעס, הויפּטזעכליך — צוליעב איינינקייט . מיר ווילען, אַז עס זאָל באַטאָנט ווערען די סואווערענע, די אַלערהעכסטע וויכטיגקייט פון די דאָזיגע פּרינציפּען אין דער טעגליכען לעבען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. מיר ווילען, אַז דער אינטערנאַציאָנאַל, וואָס זאָל ניט זיין בלויז אַ פאַבריק פון גומעלאַסטיקענע רעזאָלוציעס, נאָר טאָקי אַ לייטענדער צענטער פון רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדא און אַקציאָן, זאָל די פּרינציפּען דורכפיהרען אין לעבען.

מיר ווילען ניט קיין צוויי־נאַציאָנאַל פון ספּאַרטאַקאַנער און באָלשעוויקעס: מיר ווילען אַן אינטערנאַציאָנאַל.

מיר ווילען ניט קיין ערב־רב, קיין כל־בו, נאָר אינטערנאַציאָנאַל פון פּאַרטייען, וואָס שרייבען זיך אונטער אויף אַ געוויסען פּרינציפּיעלען מינימום. דער מינימום שליסט איין אונקאָמפּראָמיסליכע טרייהייט צום קלאַסען־קאַמף און די אַלט־מאַרקסיסטישע, רעוואָלוציאָנערע באַציהונג צו דעם בירגערליכען שטאַאַט. די מאַסען־אַקציאָן אין אַלע איהרע פאָרמען קומט אַלס נאַטירליכער פועל־היוצא פון דעם מינימום.

מיר ווילען אַז דער מינימום פון פּרינציפּען און ניט פערזענליכע עראינערונגען, ליעבע צי נקמה פון דער זשעגעוועער סכאָדקע צייטען, זאָל זיין דער באַזיס פון אונזער אינטערנאַציאָנאַלען בנין.

מיר ווילען, אַז אין דעם אינטערנאַציאָנאַל זאָלען אריין די באָלשעוויקעס און די ספּאַרטאַקאַנער אַזוי גוט ווי די מענשעוויקעס אינטערנאַציאָנאַליסטען און די ניט־אינטערוועַנציאָניסטען סאָציאַליסטען רעוואָלוציאָנערען.

די רעזאָלוציע שלאָגט פאָר אַ פּראָגראַם פון אַקציאָן, געבויט אויף אַן אָביעקטיווער פּרינציפּיעלער שטעלונג, פריי פון פּאַרטיזאַנישען האַס און כעס און טריי צו דאָס בעסטע אין אונזער סאָציאַליסטישער טראַדיציע און ווירקליכקייט. איך וויל גלויבען, אַז מיר וועלען קאָנען זעהן ווייטער פון דער צורייצונג און פּאַרווירונג פון דעם מאָמענט און מיר וועלען האַנדלען, ווי עס דיקטירט אונז אונזער סאָציאַליסטישער געוויסען און דער אַלגעמיינער אינטערעס פון דער באַוועגונג און ניט פון איין פראַקציע אָדער אַ צווייטער.

האָפּענטליך, וועט די שטעלונג פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פעעדעראַציע צו דעם וויכטיגען פּונקט וועגען דעם אינטערנאַציאָנאַל אויך ווערען די שטעלונג פון דער גאַנצער היגער פּאַרטיי.

---

משה קאַרמאַן:

# פאַרפיהרערישע פייערלאַך

(אַ מעשה'לע)

(אַ מתנה אסתר טוירנער)

אין אַ רוהיגער, שטילער, פאַר'חלום'טער נאַכט
געשוואומען איז שטיל די לבנה פאַרטראַכט.
גאַנץ ווייט אויפ'ן פעלד האָט ווי עפּעס געבליצט
און ס'האָבען זיך גאָלדענע פונקען צושפּריצט.

אַ מענש איז געגאַנגען פאַר'חלום'ט, פאַרקלערט,
געשטעלט יעדען טריט זיך גאַנץ זאַכט אויף דער ערד,
און פּלוצלינג די גאָלדענע פונקען דערזעהן,
און גיכער אַהינצו געלאָזען זיך געהן.

געקלאַפּט האָט זיין הארץ איהם פון פרייד און פון שרעק.
דאָס פייערעל איז זיך אַלץ ווייטער אַוועק —
אַזוי האָט עס לאַנגזאַם געשלעפּט איהם, גענאַרט.
ער האָט אַלץ געלעכצט נאָכ'ן גאָלד און געגאַרט.

און ווילדער גערייצט האָט, געלאָקט איהם דאָס גאָלד,
עס האָט זיין פאַנטאַזיע איהם אוצרות געמאָהלט.
אַרום און אַרום האָט ער גאָלד נור געזעהן,
ביז ס'האָבען „ניט גוטע" געפּאַקט איהם אין פּלען...

פון דאַמאָלט אָן האָט ער פאַרלוירען זיין גאָט,
און וואַנדעלט אַרום מיט דעם שד'ישען סוד —
האַלב מענש און האַלב טייוועל, פאַרשלייערט, פאַרשטעלט
און יאָגט איבער טויט, איבער לעבען פאַר געלט...

---

פאָדערט נישט פון מענשען, אַז זיי זאָלען אייך גלויבען, אַז איהר זיינט אַ-סאָציאַליסט. באַווייזט עס מיט אייער רויטער קאַרד — און טאַקע אויך מיט מעשים...

* * *

יעצט, אַז אייער פרוי האָט שוין אויך אַ רעכט צו וואוטען, טוט איהר אַ טאָפּעלטען פאַרברעכען מיט דעם, וואָס איהר נעמט נישט אַרויס אייערע בירגער־פּאַפּיערען.

* * *

מאין יבוא עזרי?—פון אָרגאַניזאַציאָן, פון אָרגאַניזאַציאָן און פון אָרגאַניזאַציאָן.

אפילו אין די קאָונטרי אויף וואַקיישאַן קענט איהר אויך גע[...] פינען פּאַסענדע קאַנדידאַטען פאַר'ן אַ. ר.; גיט זיך אַ פּרוב, ווע[...] איהר זיך איבערצייגען.

* * *

וועט איהר שוין זיין גליקליך אויב אייער קינד וועט ירשנ'ע[...] אייער גראָשענדיגען קאַפּיטאַל און פאַרגעסען אָן אייער הייליגע[...] אידעאַל? [ די אַ. ר. שול איז פאַר דעם צוועק.

* * *

מאַכט אַ וואָרע! דעמאָקראַטיע איז דער גאָט איבער אַלע געט[...] און... קאָלטשאַק איז זיין נביא...

---

די גאַנצע גענעראַל עקז. וועט וויסען פון אייער געטרייער אַרבייט אין דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיי[...]

# די פונקציעס פון די דריזען

פון דר. ה. קלימענקאָ

דער פּראָגרעס פון די טעכנישע וויסענשאַפטען פאַר די לעצטע פּאָר דורות איז כמעט אַלעמען באַוואוסט. מען דאַרף ניט זיין קיין וויסענשאַפטס־מענש צו באַמערקען די רעזולטאַטען פון דעם ראַזיגען פּראָגרעס. דער טעלעפאָן, — מיט דראָטען און אָהן דראָטען, — דער אויטאָמאָביל, דיענען אונז אין אונזער טאָג־טעגליכען לעבען. מיר זעהען שוין אָפּט איבער אונזערע קעפּ פליהען די עראָפּלאַנען און עס וועלען מן־הסתם ניט דורכגעהן קיין פיעלע מאָנאַטען איידער די נייעס וועגען א לופט־שיף, וואָס איז אָנגעקומען פון אייראָפּא קיין אַמעריקא, אָדער איז אַוועקגעפלויגען פון דאַנען אַהינצו, וועט אין די צייטונגען ניט פאַרנעמען מעהר פּלאַץ פון א געוועהנליכער נייעס פון טאָג. וועגען די אויפטועכצען פון דער מעדיצינישער וויסענשאַפט רעדט מען וועניגער, דער ברייטער עולם ווייס וועגען זיי ניט פיעל, אָבער ווען מען מאַכט א פאַרגלייך, מוז מען קומען צום שלום, אַז אין דער מעדיצין זיינען פאַר די לעצטע יאָהרען אויפגעטאָן געוואָרען ניט קיין קלענערע, אויב ניט קיין גרעסערע וואונדער ווי אין די אַנדערע וויסענשאַפטען. צווישען די געלעהרטע דאָקטוירים ווערט עס באַטראַכט אַלס א ניט שעהנע מדה, ווען איינער פּויקט צו פיעל וועגען א מעדיצינישער אַנטדעקונג, וואָס ער מאַכט. אויסער דעם איז דער כאַראַקטער פון אַזוינע אַנטדעקונגען אַזעלכער, אַז עס פאָדערט זיך א היבש ביסעל בילדונג מען זאָל קענען פאַרשטעהן זייער תמצית אָדער זייער וויכטיגקייט, מחמת דעם איז די אמת'ע גרויסקייט פון געוויסע דאָקטוירים און כירורגען (סוירדזשענס) און זייערע אַנטדעקונגען באַוואוסט נור אין דעם ענגען קרייז פון דער מעדיצינישער וועלט.

מיר וועלען פאַר די לעזער פון דעם „פריינד" געבען אַן איבערבליק נור וועגען איינינע מעדיצינישע אַנטדעקונגען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען אין די מאָדערנע צייטען, אום זיי זאָלען זיך קענען שאַפען חאָטש א קליינעם באַגריף וועגען דעם וויפיעל וויכטיגע אַרבייט עס איז אויפגעטאָן געוואָרען פון דער וויסענשאַפט, וועלכע זוכט אויסצוגעפינען די טבע פון די פיעלע קראַנקהייטען, פון וועלכע דער מענש ליידט, זייערע סבות און רפואות פאַר זיי.

עס איז אונמעגליך פאַר אונז אָפּצושטעלען זיך אויף דעם פּראָגרעס, וואָס די כירורגיע האָט געמאַכט. עס וואָלטען זיך געפאָדערט גאַנצע ביכער צו באַשרייבען די וואונדערבאַרע אָפּעראַציעס, וואָס ווערען יעצט געמאַכט אויף דעם לעבעדיגען מענשליכען קערפּער און וויפיעל מענשליכע לעבענס עס ווערען דורך זיי געראַטעוועט. מיט דער הילף פון דער באַקטעריאָלאָגישער וויסענשאַפט איז פאַר דעם כירורג יעצט געוואָרען מעגליך צוצוקומען מיט זיין מעסער צו אַלע טיילען פון דעם מענשליכען איינגעווייד. די געדערים פון דעם מענשען האָבען אין זיך ניט וועניגער סודות איידער די געדערים פון דער ערד און די מעדיצין האָט שוין פיעל פון זיי אַנטדעקט. מען מאַכט שוין יעצט אָפּעראַציעס אפילו אויף דעם מענשליכען מאַרך און אויף דעם הארץ גופא. דער ניוראָלאָגיקער און דער כירורג ווייסען שוין ווי צו באַפרייען א מענשען פון די ליידען און פון דער סכנה פון א געשוויר אָדער פון א וואונד אפילו אויפ'ן מוח. די פיזיאָלאָגישע וויסענשאַפט האָט אויך אויפגעטאָן וואונדער. מיר וועלען זיך אָפּשטעלען נור אויף דעם טייל פון דער דאָזיגער וויסענשאַפט, וועלכער גיט זיך אָפּ מיט שטודירען יענע אברים, וועלכע אַרבייטען אויס און פאַרשפּרייטען אין אונזער קערפּער די פיעלע מינים פייכקייטען, אויסער בלוט, וואָס זיינען נויטיג פאַר דעם לעבען. פאַרצייטענס פלעגט מען דענקען, אַז בלויז דאָס בלוט און די אָדערען, דורך וועלכע זי פליסט, זיינען אונזער אמת'ער נפש, דער קוואַל פון אונזער לעבען. יעצט ווייסען מיר, אַז די אַנדערע פייכטקייטען זיינען ניט וועניגער וויכטיג. די „גלענדס" (די דריזען), די אברים, וועגען וועלכע מיר ריידען, זיינען ביז די גאָר לעצטע יאָהרען געוועזען פאַר אונז א פאַרבאָרגענע וועלט. ערשט צוריק מיט איין דור פלעגען די פּראָפעסאָרען אין די קאָלעדזשעס פון מעדיצין מוזען מודה זיין פאַר זייערע תלמידים, אַז זיי ווייסען ניט וואָס פאַר א ראָלע די גלענדס שפּיעלען אין אונזערע קערפּער, צי זיי ברענגען איהם נוצען אָדער שאָדען, אָדער זיי זיינען פילייכט גאָר אַן איבעריגע זאַך. יעצט האָט די מעדיצינישע וויסענשאַפט גאָר פיעל צו דערצעהלען וועגען די דאָזיגע גלענדס. מיר וועלען באַטראַכטען נור איינעם פון זיי, דעם זאָגענאַנטען „פּיטויאיטאָרי גלענד", וועלכער ליעגט ביים באַזיס פון דעם מאַרך, און מיר וועלען באַווייזען ווי וויכטיג ער איז פאַר דעם מענשליכען אָרגאַניזם.

אין דעם סוף פון דעם לעצטען יאָהרהונדערט האָט א פראַנצויזישער ניוראָלאָגיקער (א פאָרשער פון דער נערווען־סיסטעם און נערווען־קראַנקהייטען), פּיער מאַררי, באַוויזען, אַז די קראַנקהייט, וועלכע איז באַוואוסט אונטער דעם נאָמען אַקראָמעגאַליע, קומט פון א געשוויר אויף דעם פּיטויאיטאָרי גלענד, וועלכער לאָזט פון זיך אַרוים א שעדליכע פייכטקייט. מען קען לייכט פאַרשטעהן די וויכטיגקייט פון דער דאָזיגער אַנטדעקונג, געדענקענדיג אַז דער הויפּט סימפּטאָם פון אַקראָמעגאַליע איז א פּלוצלינגער איבערוואוקס פון דעם מענשליכען סקעלעט. פיעלע פון די גרעסטע דאָקטוירים האָבען תיכף אָנגעפאַנגען צו שטודירען די פונקציעס פון דעם דאָזיגען גלענד, ד. ה. זיין לעבען און זיין ווירקונג אין דעם קערפּער. ביז יענער צייט האָבען אַלע געדענקט, אַז דער פּיטויאיטאָרי גלענד האָט ניט קיין ספּעציעלע אויפגאַבען אָדער באַזונדער ווירקונג אין דעם אָרגאַניזם, אָבער די אַנטדעקונג פון פּיער מאַררי האָט געפיהרט צו דער העכסט וויכטיגער אַנטדעקונג, אַז פון דעם דאָזיגען גלענד ווענדעט זיך דער וואוקס פון דעם סקעלעט, ד. ה., אַז דורך איהם זיינען מענשען הויך אָדער נידעריג געוואַקסיג; ער קאָנטראָלירט אין א געוויסער מאָס דעם בלוט־פאַרקעהר; ער רעגולירט דעם געשלעכטס־לעבען פון דעם מאַן און פון דער פרוי; ער רעגולירט די איבעראַרבייטונג פון די קויהלען־וואַסער שטאָפען אין דעם קערפּער און העלפט דער געבירמוטער („מאַטקע", רחם־אם) אַרויסצושטופען פון זיך דאָס קינד ביים געבורט. דאָס אַלץ זיינען יעצט גאַנץ באַשטימטע פאַקטען. די געלעהרטע האָבען זיך אָבער ביי די אַנטדעקונגען ניט אָפּגעשטעלט. מען האָט אָ געפאַנגען צו באַנוצען זיך מיט עקסטראַקטען פון דעם דאָזיגען גלענד אַלס רפואות פאַר געוויסע קראַנקהייטען. עס איז נאָך ניט זיכער, אַז די דאָזיגע עקסטראַקטען זיינען טאַקע א רפואה אין אַלע פעלע, אין וועלכע די מעדיצין באַנוצט זיך מיט זיי, אָבער עס איז שוין א גאַנץ זיכערער פאַקט, געגען פיעלע חולאת'ן זיינען זיי א ווירקזאַמער מיטעל. יעדער דאָקטאָר, ווען ער געהט יעצט צו א געווינערין, נעמט מיט זיך מיט א פלעשעלע „פּיטויאירין", אַן עקסטראַקט פון דעם פּיטויאיטאָרי גלענד, וואָרים עס איז ניטאָ קיין בעסערע זאַך איידער „פּיטויאירין", צו מאַכען אַז א שוואַכע געבירמוטער זאָל מיט מעהר ענערגיע אַרויסגעבען פון זיך דאָס קינד.

אין דעם שאַרבען פון קאָפּ, ביי דעם באַזיס פון דעם מאַרך, עטוואָס הינטער דעם פּיטויאיטאָרי גלענד, געפינט זיך אַן אַנדער גלענד, וועלכער הייסט אין ענגליש דער „פּיניעל גלענד" (דערפאַר וואָס ער האָט די פאָרמע פון א נאָדעל פון א סאָסנע). די געשיכטע פון דעם דאָזיגען גלענד לייענט זיך ווי א ראָמאַן, ווי מיר וועלען זעהן אין נעקסטען נומער.

# אַן אילוזיע

פון לאה ק. האָפמאַן

אסתר איז געגאַנגען אין גאַס און געטראַכט וועגען איהר דוד'ן, אַז ס'איז גאָר זעלטען מען זאָל טרעפען אַזאַ בחור, אַזוי סאָליד, אַזוי אנשטענדיג. טרינקען — טרינקט ער נישט, קיין קאָרטען טאָר מען איהם ניט דערמאָנען: ס'איז טאַקע אַ פרייד צו האָבען אַזאַ חתן — און זי האָט פרעהליך אַ טאַנץ געטאָן.

לעבען אַ שויפענסטער פון אַ קענדי סטאָר האָט זי דער־זעהן אַ קליין מיידעלע, וועלכע האָט געווישט די אויגעלעך מיט איהרע פאַרשמירטע הענטעלעך און דאָס גאַנצע פּנים'ל איז איהר געווען נאַס פון טרערען. קענטיג אַ גרויסע טראַגע־דיע איז איהר באַפאַלען.

איז אסתר צוגעגאַנגען צו דער מיידעלע און אַ פרעג געטאָן:

„וואָס איז, מיידעלע, פאַר וואָס וויינסטו?"

איך האָב פאַרלאָרען מיינע געלד," האָט דאָס קינד אַרויס־געכליפּעט.

„ווי אַזוי?"

„מאַמע מיר געזאָגט איך זאָל קוקען אַ קאַר זאָל מיט ניט איבערפאָהרען. איך געקוקט פון איין זייט און פון אַנדער זייט. איך געזעהן אַ קאַר געהט ניט. איך געלאָפען איבער'ן וועג און פאַרלאָרען געלט."

„אַ סך געלט?"

„איין געלט."

„וואָס פאַר אַ געלט?"

„אַ פעני."

„אַזוי?" האָט איהר אסתר באַרויערט מיט אַ באַהאַל־טענעם שמייכעל און אַ פרעג געטאָן:

„וואָס האָסטו געוואָלט קויפען, מיידעלע?"

„איך גאָר נישט געוואָלט קויפען. איך וויל אָנקלייבען אַ ניקעל צו קויפען יענע ליאַלקע," האָט דאָס קינד ערקלערט און אָנגעוויזען אויף אַ ליאַלקע אין שויפענסטער.

„אַזוי? ביזטו, הייסט עס, געגאַנגען קוקען אויף דער ליאַלקע? פאַר וואָס גיט דיר דיין מאַמע ניט קיין ניקעל מיט איין מאָל, דו זאָלסט איהר באַלד קענען קויפען?"

„מיין מאַמע קויפט ברויט פאַר ניקעלס."

„און דיין פּאַפּאַ?"

„מיין פּאַפּאַ ניטאָ, ער אַרויס דעלויפט פון הויז. מאַמע געזאָגט ניט פילען אין קאָרטען. פּאַפּאַ דעזאָגט יאָ פילען אין קאָרטען. מאַמע דעשרייט אויף איהם. ער דעשרייט אויף איהר. די דעכאַפּט די קאָרטען און דעוואָרפען אויף פּאַפּאַ'ן. ער דעוואָלט שלאָגען מאַמע'ן. איך דענומען שרייען. ער מיר אויך דעוואָלט שלאָגען. פּאַפּאַ ניט אַ דוטער. איך דאַרף ניט אַ פּאַפּאַ. איך דאַרף אַ מאַמאַ... זי דעהט צוועק אַלע טאָג, האָב איך ניט אַ מאַמע ביז ביי נאַכט."

„ווער גיט דיר עסען?" — האָט אסתר געפרעגט.

„אַ פרעמדע מאַמע. זי שרייט אויף מיר."

אויסגעהערט די אַלע טענות פון דער מיידעלע, האָט אסתר'ן זעהר וועה געטאָן פאַר איהר און זי האָט איהר גע־וואָלט טרייסטען. האָט זי אַרויסגענומען איהר ווייסע פאַר־פיומירטע טאַשענטיכעל און אָפּגעווישט דער מיידעלע'ס פּנים'ל. האָט דאָס מיידעלע געקראָגען גרויס דרך ארץ פאַר דער שעהנער טאַשענטיכעל, און צו דער שעהנער דאַמע איז זי אויך געוואָרען ניט גלייכגילטיג. האָט דאָס אסתר דער־פיהלט און איהר געפרעגט:

„ווילסט געהן צו מיר אַהיים, מיידעלע? איך וועל דיר געבען עסען, און אָפּווישען דיך ריין, וועסטו זיין אַ שעהן מיידעלע, — קום!"

האָט דאָס קינד שוין געוואָלט געהן, און געוואָרפען אַ פאַרליעבטען בליק צו דער ליאַלקע אין שויפענסטער, קענטיג, אַז עס איז איהר שווער געווען דערמיט צו שיידען זיך. האָט דאָס אסתר פאַרשטאַנען, און איהר געגעבען אַ ניקעל. איז זי אין אַ פּאָר מינוט אַרום אַרויסגעלאָפען פון קראָם מיט דער ליאַלקע שיינענדיג פאַר פרייד.

געהענדיג אַהיים האָט אסתר געטראַכט וועגען דער מיי־דעלעס מאַמע, ווי אומגליקליך זי איז וואָס זי האָט אַ מאַן אַ קאָרטען־שפּיעלער. גאָט צו דאַנקען, וואָס זי, אסתר, איז אויסגעהיט דערפון. איהר דוד איז דאָך אַזוי ווייט פון אַזעלכע זאַכען. אַן איידעלער מענש, איז אימער פאַרנומען מיט ביכער, און ווען זי וועט האָבען אַזאַ מיידעלע פאַר איהם, וועט עס זיין ריין און שעהן. און ער וועט איהר באַוואונדערן וואָס פאַר אַן אידעאַלע מוטער זי איז.

אַז זי איז אַהיים געקומען מיט דער מיידעלע, האָט זי זיך פאַרגעשטעלט ווי זי איז איהר מאַמע, און זי האָט איהר אויס־געבאָדען, שהען פאַרקעמט מיט אַ ראָזען שלייף אין די האָר און געקוקט ווי אַזוי דאָס קינד האָט זיך געביטען פון פריהער ביז איצט, און דאָס איז אַלץ דורך איהר. הלואי קומט איצט דוד: זאָל ער טאַקע זעהן, ווי מוטערליך זי איז — האָט זי געטראַכט מיט הנאה.

האָט דאָס קינד גענומען די ליאַלקע אין שוים, איהר גע־וויעגט צו שלאָפען, און ביידע האָבען געשפּיעלט אין מאַמעס.

מיט אַמאָל האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ אין טיר. אסתר איז אויפגעשפּרונגען: זי האָט דערפיהלט ז י י ן קומען. און דוד איז טאַקע גלייך אַריין.

האָט דאָס מיידעלע פאַר איבערראַשונג אַרויסגעלאָזט די ליאַלקע פון האַנט און אַ געשריי געטאָן:

„פּ אַ פּ אַ!"

---

# בריעף

פון חיימאַן איגער

עס קעמפּט מיט די כוואַליעס
אַ שיף ערגעץ ווייט;
זי געהט אַזוי לאַנגזאַם,
זי נעהמט זיך איהר צייט

זי פיהרט מיט זיך בריעף
פון מאַמעס פאַרקלאַגטע,
פון באָבעס, פון זיידעס,
פון פאָטערס פאַרצאָגטע.

ווער ווייסט וויפיעל נייעס
ענטהאַלט יעדער בריעף...
אַ ים פול מיט סודות
ברענגט אונז די שיף..

# די פאבריק

פון א. ש. זאקס

„דער מענש איז א געזעלשאפטליכע חיה" — זאגט דער גריכישער פילאזאף אריסטאטעל. פון דער צייט, ווען דער מין „מענש" האט זיך באוויזען אויף דער ערד, זעהען מיר, אז ער פיהרט א צוזאמענלעבען, א לעבען אין א געזעלשאפט, מיט נאך מענשען אינאיינעם.

אליין צו שוואך צו באקעמפען די ניט נאכגיביגע גרויזאמע נאטור, איז דער מענש געצוואונגען זיך צו פאראייניגען מיט נאך מענשען און מיט אלגעמיינע שותפות'דיגע כחות, וועלכע מוזען פארווענדעט ווערען לויט א געוויסען סדר און אויסגעארבייטען פלאן. צו באזייטיגען די פארשיעדענע שטערונגען, וועלכע ליגען אויפ'ן וועג צום מענשליכען גליק.

די שותפות'דיגע ארבייט, וואס ווערט אויסגעגעבען פון די מענשען מיט א געוויסען סדר אום צו באפריעדיגען די באדערפנישען, נידריגע און הויכע, מאטעריעלע און גייסטיגע, רופען מיר אן באלעבאטישקייט, אדער, פאלקסווירטשאפטליכע ארבייט.

אין דער ענטוויקלונג פון דער פאלקס־ווירטשאפט אונטערשיידעט מען צוויי מדרגות: 1) נאטור־ווירטשאפט און 2) טויש אדער סחורה ווירטשאפט.

לויט די אופנים, ווי אזוי די סחורות ווערען פראדוצירט אין דער טויש־ווירטשאפט, אונטערשיידען מיר דרייערליי טיפען, וואס געפינען זיך אויף פארשיעדענע ענטוויקלונגס־שטופען:

1) האנדווערק (מלאכה);
2) מאנופאקטור אדער הויז־אינדוסטרי, און
3) די פאבריק.

די דאזיגע דריי טיפען זיינען ניט אפגעגרעניצט שארף איינע פון די אנדערע. אין איין און דערזעלביגער צייט און ארט טרעפען מיר זיי אפט איינעם נעבען אנדערען. בעלי־מלאכות טרעפען מיר אפט אין דער צייט, ווען עס הערשט הויז־אינדוסטריע; די לעצטע לעבט נאך ווירקען, ווען אפילו די פראדוקטען ווערען געשאפען לויט א פאבריק־סיסטעם. בכלל אבער, אין גרויסען און גאנצען, ווערט געוועהנליך יעדע צייט כאראקטעריזירט דורך א געוויסער ארט פראדוקציע, וועלכע איז די הערשענדע — דאס הייסט דער הויפט־מיטעל, ווי צו פראדוצירען די נויטיגע פראדוקטען.

אין היינטיגער צייט איז די הערשענדע פארמע פון דער פראדוקציע דאס פאבריק־סיסטעם. די פאבריק דריקט ארויף איהר שטעמפעל אויף אלע צווייגען פון אונזער לעבען. זי איז דער מקור, דער קוואל פון דער מענשליכער חיונה. אהן בעלי־מלאכות און הויז־אינדוסטריע קענען מיר נאך ווי עס איז אויסקומען; אהן פאבריקען — ניט. אויב ס'זאלען היינט אלע פאבריקען אויפהערען צו געהן, וועלען אלע אונזערע באדערפנישען בלייבען ניט צופריעדענגעשטעלט. מיר מוזען היינט האבען אזא ארט פראדוקציע, וואו ס'זאל זיין מעגליך אויסצוארבייטען א סך פראדוקטען מיט אמאל. מיר נויטיגען זיך אין א מאסען־פראדוקציע, ווייל מיר האבען א מאסען־פארברויך.

אין אונזער באלעבאטישקייט הערשט דער באוואוסטער עקאנאמישער פרינציפ: „זעה צו ערהייכען די גרעסטע נוצען דורך די קלענסטע אויסגאבען פון ארבייט און קאפיטאל." דער דאזיגער פרינציפ צו זיין שפארעוודיג אין ארבייט און קאפיטאל און צו זעהן צו קריגען מעהר פראדוקטען, קען אם בעסטען דורכגעפיהרט ווערען דורך דער פאבריק־ארבייט, וואו די רויהע מאטעריאלען, ווערקצייג, קויהלען, ארבייטס־קראפט און אנדערע פראדוקציאנס־מיטלען קאסטען נאכ'ן גרויס(?) נאך פיעל ווייניגער, ווי אין דער הויז־אינדוסטריע און האנדווערק.

אונזער לעזער איז זיכער די פאבריק ניט אונבאקאנט. מיר וועלען קוים א טעות האבען, אויב מיר וועלען באהויפטען, אז דאס רוב פון אונזערע פריינד חושב'ן אפ א טייל פון זייער לעבען אין דער פאבריק. דאך האפען מיר, אז ס'וועט ניט זיין קיין ארויסגעווארפענע ארבייט, זיך נעהנטער צו באקאנען מיט דעם אונז אלעמען באקאנטער מעכאניזם, וואס הייסט „פאבריק".

וואס איז אזוינס א פאבריק? מיט וואס אונטערשיידעט זי זיך פון אנדערע טיפען אונטערנעהמונגען? וועלכע סימנים כאראקטעריזירען א געוויסע סיסטעם פון פראדוקציע, אום עס צו רופען אונטער'ן נאמען: „פאבריק".

סימנים זיינען פאראן אויסערליכע און אינערליכע. אבער איידער מיר וועלען זיי אונטערזוכען, איז פאר אונז וויכטיג זיך צו באקאנען מיט אן אנדער באגריף, וואס איז ענג פארבונדען מיט דעם באגריף: „פאבריק".

די פאבריק איז א **קאפיטאליסטישע אונטערנעהמונג**. וואס פארשטעהט מען אייגענטליך אונטער דעם?

דער בעל־מלאכה פון דער פריהערדיגער צייט און טיילמאל אויך דער היינטיגער בעל־מלאכה ארבייט פון פריה ביז שפעט אין זיין ווארשטאט צוזאמען מיט זיינע פועלים און לעהר־אינגלעך. ער פארדיענט געוויס עפעס אן די ארבייט פון זיינע העלפער, אבער דאס „לעבען" מאכט ער ניט פון זיי. אויב דער בעל־מלאכה גופא זאל ניט פיזיש ארבייטען צוגלייך מיט זיינע פועלים וועט איהם געוויס אויסקומען צו לייגען די ציהן אויפ'ן פאליצע. די ארבייט פון דעם בעל־מלאכה'ס געטרייע(?) הענד גיבען איהם ניט זיין גאנצע הכנסה און פון צו ווערען א שטיקעל נגיד איז דאך שוין אין גאנצען אפגערעדט. דערפון קען זיך א בעל־מלאכה'שען מוח אפילו ניט חלומ'ען.

גאנץ אנדערש איז מיט א פאבריקאנט. ער איז אמת אויך ניט אלע מאל א לעדיגגעהער. אנדערע מאל קומט איהם אויס אפילו גאנץ שווער צו ארבייטען, אבער **צוזאמען** מיט זיינע ארבייטער אין פאבריק דארף ער ניט שטעהן. ביים דרעהבאנק, אדער ביי דער מאשין, האט דער פאבריקאנט ניט וואס צו טון. די ארבייט פונ'ם פאבריקאנט איז צו זיין דער ארגאניזאטאר, דער פיהרער פון דער אונטערנעהמונג. זיין ארבייטס־פעלד איז דער אפיס און ניט די פאבריק־רומס. צום סוף יאהר, ווען מען ציהט ארונטער דעם סך־הכל פון פאבריק, געפינט מען, אז דער פאבריקאנט האט פארדיענט נאכ'ן ערך נאך פיעל **מעהר**, וויפיעל ער וואלט געקענט פארלאנגען פאר זיין ארבייט. אויב עס טרעפט זיך נאך, אז דער פאבריקאנט האט גוטע טיכטיגע מענשען, אויף וועלכע ער קען זיך פארלאזען, קען ער האבען אפילו די מעגליכקייט צו שפאצירען א גאנצען יאהר איבער די [illegible] און זיך אריינ[illegible] א פינגער אין וואסער. דאס רוב מאל גיט א פאבריק־געשעפט אזוי פיעל פראפיט, דאס נאך דעם, ווי עס ווערט ארונטערגערעכענט פאר אלעם און אלעמען, בלייבט נאך איבער א געוויסע סומע, פון וועלכער א טייל קען פארברויכט ווערען פאר'ן פאבריקאנט.

דאס געלד, וואס דער פאבריקאנט האט אריינגעלייגט אין זיינע ביזנעס, פארגרעסערט זיך ניט דורך זיין **אייגענער** ארבייט, נאר דורך דער ארבייט פון **„זיינע"** מענשען און „הענד", וועלכע ער האט געדינגען צו ארבייטען. פון דעם געלד, וואס איז אין אנפאנג אריינגעברעקעלט געווארען, קען מיט הילף פון פרעמדער ארבייט ווערען א קאפיטאל. די פארגרעסערונג פון דעם דאזיגען קאפיטאל הערט אויף צו זיין אפהענגיג פונ'ם אייגענטימערס **אייגענער** ארבייט. אזא אונטערנעהמונג, וואו דער אייגענטימער קען זיך לעבען בשפע, ווערען אלץ

רייכער, און ניט דארפען דערביי מיטארבייטען, ווייל ער באַקומט א חלק פון אַנדערע ארבייטערס הארעוואניע, הייסט א טישע אונטערנעהמונגען.

די פאבריק איז אויף אזא אופן א ק א פ י ט א ל י ס ט י ש ע אונטערנעהמונג, בעת די מלאכות זיינען ניט קיין קאפיטאליסטישע אונטערעהמונגען.

די פאבריק איז אויך צענטראליזירט. זי פאראייניגט אלע ארבייטער און האלט זיי אונטער איין אויפזיכט און דערמיט אונטרשיידעט זי זיך פון קראַמען (סטאָרס), וואו די ארבייטער זיינען דעצענטראליזירט און צעשפרייט אין פארשידענע פלעצער. א סטאָר קען זיין א גרויסע אונטערנעהמונג, אָבער די ארבייט ווערט דורכגעפיהרט אויפ'ן קליינעם שטייגער, אויפ'ן שטייגער פון האנדווערק. אין דער פאבריק ווערען פארווענדעט פאַרשידענע קאָמפּליצירטע פּראָדוקציאָנס־מיטעל און דער סדר פון דער ארבייט איז זעהר פארוויקעלט און מוז האָבען א שטענדיגע השגחה פונ'ם הויפט אָרגאניזאטאָר.

ביי א פאבריק־סיסטעם באמערקען מיר צווייערליי טענדענצען, ריכטונגען. פון איין זייט ווערט די ארבייט אזוי צוטיילט, צופיצעלט, דאָס דער ארבייטער ערפילט נור א פּראָסטע, איינפאכע מעכאנישע ארבייט, וואו ער באדארף אפילו זיין קאָפּ ניט צולייגען. ער ווערט ערנידעריגט צו דער מדרגה פון א לעבעדיגער ווערקצייג. פון דער אנדערער זייט ווערט די גאנצע אָ ר ג א נ י ז א צ י ע די פארוואלטונג, אלץ מעהר פאַרוויקעלט, מעהר קאָמפּליצירט און איז פיעל שווערער, פאָדערט מעהר שכל און אונטערנעהמונגס־גייסט, ווי ביי הויז־אינדוסטריע און מלאכה.

די פאבריק איז א מעהר ענטוויקעלטער אינדוסטריעלער אָרגאניזם, וואו די פארשיעדענע טיילען פארלירען זייער זעלבסטשטענדיגקייט און ווערען אלץ מעהר און מעהר אָפּהענגיג פונ'ם צענטר, פון דער אָרגאניזירטער מאכט. ביי מלאכה און הויז־אינדוסטריע זיינען די ארבייטער צווישען זיך ניט אזוי פארבונדען, ניט אזוי אָפּהענגיג, און ווען ביי איינינע געהט די ארבייט ניט אזוי גוט, קענען דאָך די איבעריגע ארבייטער פאָרטזעצען זייער באשעפטיגונג און דער גאנצער געשעפט דארף ניט אָפּגעשטעלט ווערען.

אין פאבריק איז איין גרופּע ארבייטער אָפּהענגיג פון דער צווייטער גרופּע. יעדע גרופּע בילדעט אינ'ם פאבריק־מעכאניזם א נויטווענדיגען שרויב און ווען איין שרויב שטעלט זיך אָפּ, מוז דערפון ליידען דער גאנצער מעכאניזם.

א צ ע נ ט ר א ל י ז י ר ט ע אָ ר ג א נ י ז א צ י ע און ד ע צ ע נ ט ר א ל י ז י ר ט ע א ר ב י י ט — אָט זיינען די כאראקטעריסטישע סימנים פון א פאבריק־סיסטעם.

# אַ נייע זובאַטאָווטשינע

פון ש. ראבינאָוויטש

ענדליך האָט דער אַמעריקאנער קאפיטאל אָנגעהויבען צו פיהלען אָן אונזיכערהייט...

פאר דער גאנצער צייט פון זיין עקזיסטענץ ביז דער וועלט־מלחמה האָט ער ניט געוואוסט פון קיינע אנגסטען, פון קיין שרעק. אַמעריקא איז געווען א וועלט פאַר זיך; ווייט מיט טויזענדער מיילען, אָפּגעטיילט דורך דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן פון דער אימער צורודערטער, צוטומעלטער איירָאָפּא; פארשטעלט פון די פּאָליטישע פלאָנטערס מיט דער „מאָנראָו־דאָקטרין"־וואנד. און געקוקט האָט דער צופריעדענער יענקי מיט שטאָלץ און מיט א פארעכטליכער מינע אויף דער קלאָגעדיגער איירָאָפּא. זאָלען זיי זיך דאָרטען שלאָגען, וויפיעל זייער הארץ געלוסט, זאָלען זיי זיך אָפּרייסען איינע די אַנדערע די קעפּ, איבערשניידען די גאָרגלען. וואָס געהט עס איהם, דעם אַמעריקאנער קאפּיטאליסט, אָן?

און ווען עס פלעגען זיך דערטראָגען צו זיינע אויערען די נייעס וועגען ארבייטער־אונרוהען, וועגען דעם וואוקס פון דער רעוואָלוציאָנערער ארבייטער־באַוועגונג אין איירָאָפּא, פלעגט דער אַמעריקאנער ביזנעס־מאַן אויפהייבען זיינע אויגען צו השם יתברך און דאנקען איהם פאַר דעם חסד, וואָס ער טוט מיט איהם, וואָס זיינע ארבייטער זיינען זאטע און גאָטספאָרכטיגע און ארבייטען מיט איהם הארמאָניש פאַר טובת־הכלל, פאר דעם פאָטערלאנד. אה, די אַמעריקאנער באָיעס זיינען גאָר וואוילע יונגען: זיי האָבען פיינד די בונטאָווּשטשיקעס, די סאָציאליסטען, בתכלית השנאה, און זיי קעהרען אין אלגעמיין ניט פאר פּאָליטיקס...

און אזוי איז דאָס געגאַנגען.

דער אַמעריקאנער ארבייטער איז געווען זאַט.

פרייהייט האָט ער געהאט אין פולער מאָס. מען האָט איהם ניט ווייניגער געזשאלעוועט. מען האָט געוואוסט, אז ער ווערט עס ניט מיספארברויכען. זאָל ער זיך האָבען זיינע מאַס־מיטינגען; זיין ארבייטער־אָרגאניזאציאָן, די אַמעריקאן פעדערישאַן אָוו לייבאָר; זיין פרייע פּרעסע; זאָל ער זיך עלעקטען וועמען ער וויל. פארקעהרט, וואָס פרייער ער וועט זיין, אלץ מעהר אילוזיעס וועט ער האָבען, אז ער איז דער גאנצער בעל־הבית. אָבער דאָ איז אָנגעקומען די מלחמה, און אַמעריקא האָט זיך אריינגעצויגען אין די איירָאָפּעאישע פלאָנטערען — אוים „מאנראָו דאָקטרין"... עס האָט א בלאָז געטאָן א רעוואָלוציאָנערער ווינד פון יענער זייט ים... עס האָבען זיך אָנגעהויבען צוריקקעהרען די באָיס פון „אָווער־טהער"... מען האָט אָנגעהויבען זוכען די „דזשאָבס" און מען האָט זיי ניט געפונען. דער אַמעריקאנער האָט אָנגעהויבען צו הונגערען, א שפּאָגעל נייע זאַך אין דער אַמעריקאנער געשיכטע, און די אַמעריקאנער זאטע ארבייטער האָבען אָנגעהויבען ארויסווייזען אַן אומרוהיגקייט, און עס האָבען זיך דערהערט גאָר נייע ווערטער וועלכע דער אַמעריקאנער קאַפּיטאליסט האָט אויף זיין לעבען ניט געהערט...

דער אַמעריקאנער קאַפּיטאל איז פארציטערט געוואָרען. איז עס מעגליך, אז אויך ער וועט ניט אויסמיידען דעם גרויזאמען שיקזאל פון זיינע ברידער אין איירָאָפּא? שטעהט איהם אויך פאַר רואינירט צו ווערען, אונטערדריקט צו ווערען פון די „מאבס"? הייסט עס, אז אלע זיינע האָפנונגען, אז ביי איהם וועט אימער פליסען שטיל און רוהיג דאָס לעבען, זיינען גאָר נישט מיט גאָר נישט?

ניין, ער וועט עס ניט דערלאָזען.

און דאָ איז מערקווירדיג אינטערעסאנט, ווי די געשיכטע ווידערהאָלט זיך. ווי אונבאוואוסטזיניג ווערען באנוצט פון דער אַמעריקאנער קאַפּיטאליסטישער קלאסע די זעלבע מעטאָדען וואָס איהרע קאָלעגען האָבען געברויכט אין אנדערע לענדער און אין אנדערע צייטען.

דאָס איז געווען אין דער „הייליגער רוסלאנד" אין 898

געדענקט אָן די קרבנות פון מלחמה, נויט און הונגער, אָן

ארער 1899. עס האט זיך באמערקט א גרויסע פאליטישע אומרוהיגקייט צווישען די ארבייטער־מאסען. פראקלאמאציעס, בראשירען פון א פאליטישען כאראקטער פלעגען פארפלייצען רוסלאנד. יעדען טאג פלעגען געמאכט ווערען צעהנדליגע ארעסטען, אבער עס האט געהאלפען, ווי א טוידטען באנקעס...

די צארישע רוסלאנד האט אבער פאר קיין אופן ניט געוואלט געבען קיינע פאליטישע הנחות צו דעם פאלק, און זי איז געפאלען אויף אזא פלאן: זי וועט ארויסטרעטען פאר די מאסען, אלס זייער באשיצערין, אלס זייער פארטיידיגער. זי וועט זיך אננעהמען פאר זייערע קריוודעס געגען די בעלי־בתים. זי וועט ניט נאר ניט שטערען זיי צו סטרייקען, נאר פארקעהרט, זי וועט נאך צווינגען די בעלי־בתים, אז זיי זאלען צופריעדענשטעלען די פאדערונגען פון די ארבייטער. די קאפיטאליסטען וועלען, גאנץ מעגליך, ניט זיין צופריעדען מיט אזא טאקטיק, אבער מען מוז עס טאן, פאר זייער אייגענער טובה.

אין דאן האט זיך אנגעפאנגען די באריהמטע, אין דער געשיכטע פון דער רוסישער ארבייטער־באוועגונג, „זובאטאוושטשינא", א נאמען נאך איהר פיהרער און „טעארעטיקער" זובאטאוו, דער נאטשאלניק פון דער „אכראנקע". פון איין זייט פלעגט מען טויזענדער אינטעליגענטען פארשפארען אין די תפיסות, אוועקשיקען אין די ווייטסטע פלעצער פון סיביר, אלץ מעהר דריקען און שטיקען די פרעסע, און פון דער אנדער זייט פלעגען דעטעקטיוום, פאליציי, ארגאניזירען מיטינגען פון ארבייטער, וואו עקאנאמישע פראגען פלעגען באשפראכען ווערען און גאנץ אפט פלעגען זיי ארויסהעלפען און אנפיהרען די סטרייקס. פלעגט ווער פון די בעלי־בתים איינשפארען זיך און ניט וועלען נאכגעבען די פאדערונגען, פלעגט גלייך קומען אן אויפפאדערונג פון א בונט און, און דער סטרייק איז געוואונען געווארען.

אלזא די טאקטיק פון דער צארישער רעגיערונג איז געווען: דורך עקאנאמישע הנחות צו בינדען די ארבייטער צו זיך, דורך פאליטישע רעפרעסיעס דערשטיקען די רעוואלוציאנערען.

א שטיקעל צייט האט אויסגעקוקט, אז די דעספאטישע רעגיערונג האט אויסגעקליבען דעם ריכטיגען וועג.

איצט, ווי עס ווייזט אויס, נעהמט זיך די אמעריקאנער בורזשואזיע — וואס דאס מיינט די אמעריקאנער רעגיערונג — פאר דיזעלבע מעטאדען, נאר מיט מעהר געשיקטקייט. עס איז פארט אמעריקא, ניט רוסלאנד.

עס עקזיסטירט ניט מעהר קיין פרייע אמעריקא. דער טראן פון אמעריקאנעם קאפיטאל האט זיך אנגעהויבען צו שאקלען, און די פריזאנס זיינען פול מיט פאליטישע פארברעכער. מען וואונדערט זיך, מען חדוש'ט זיך, וואו איז אהינגעקומען דאס פרייע אמעריקא. נארישקייטען. דאס איז געווען אמאל, ווען עס איז ניט געווען פאר וואס מורא צו האבען, ווען דער קאפיטאל איז געווען זיכער, אז ער וועט אימער זיין שטארק און מעכטיג, ווי א פעלז. איצט זיינען שוין אבער די ארבייטער ניט אמאליגע גוטע באיעס, זיי הונגערען שוין אונטער ביסלעכווייז. און ער האט זיך גענומען פאר דער אלטער מעטאדע: דערשטיקען די רעוואלוציאנערען און צוציהען עקאנאמיש די ארבייטער־מאסען.

און עס איז אוועק א סדרה פון „פראפיט שערינג". און יעדער גרויסער קאפיטאליסט, רעאקציאנער, וועלכער האט פיינד ארבייטער, ווי א איר חזיר, אגיטירט פאר דעם, אז די ארבייטער זאלען קריגען בעסערע ווידזשעס, זאלען ווערען פארטנערס אין די ביזנעס, מען זאל זיי מיט אלע מעגליכקייטען מקרב זיין.

אין דער הינזיכט איז מערקווירדיג אינטערעסאנט דער רעפארט פון דער לוסק לעדזשיסלייטשור קאמיטע. אנווייזענדיג אויף די ברייט פארשפרייטע רעוואלוציאנערע טעטיגקייט, און ווי אזוי מען דארף איהר דערשטיקען, ציהט זי אויך אויפמערקזאמקייט אויף די קאפיטאליסטען.

זי ווייזט אן, אז עס זיינען פאראן פארשיעדענע קאפיטאליסטען, אזעלכע וואס האבען נאר זיך אין זינען און אזעלכע, „וואס ארבייטען פאר דעם גליק און צופריעדענהייט פון זייערע ארבייטער." די לעצטע פיהרען איין „פראפיט שערינג." און די קאמיטע גיט אנצוהערעניש, אז יעדער בעל־הבית מוז איינפיהרען אט די סיסטעם. אט די קאפיטאליסטען, וועלכע לאזען זייערע ארבייטער ליידען, „זיינען ניט בעסער פון די עקסטרעמע ראדיקאלען."

וואס דארפט איהר בעסער: די שיקאגא'ר „מיעט פעקינג פוירם און מארים ענד קא., וואס פלעגט זיך איזדעקעווען אויפ'ן ערגסטען אופן — אט די פירמע. האט באשלאסען צו מאכען פארטנערשיפ מיט די ארבייטער.

די „אינדוסטריעל מענעדזשמענט", א זשורנאל, וואס ווערט ארויסגעגעבען פון לויטער בעלי־בתים, איז אפילו ניט שטארק באגייסטערט פון דער פראפיט שערינג סיסטעם. זי האט מורא, אז דאס וועט סוף כל סוף אויפרייצען נאך מעהר די אפעטיטען. ער רעקאמענדירט אבער „אינדאסטריעל דעמאקראסי". א קאמיטעט, אויסגעקליבען פון ארבייטער און בעלי־בתים, זאל האבען דעם קאנטראל איבער די אינדוסטרי אנגעלעגענהייטען.

און די „ניו רעפובליק" לעגט פאר, אז מען זאל גרינדען א מין „סיטיזען יוניאן", וואו עס זאלען אלע עהרליכע, גוטע, קלוגע און פארשטענדליכע קאפיטאליסטען זיין. זייער עובדה זאל זיין צווינגען... יעדען נארישען קאפיטאליסט צופריעדענשטעלען די ארבייטער. ער געהט אפילו אויף אזוי פיעל ווייט, אז מען זאל שטיצען די סטרייקערס מיט געלד. ער זאגט גאנץ פשוט און קלאר, אז אויב מיר ווילען איינהאלטען די איצטיגע סיסטעם, מוזען מיר טאן וואס נאר מעגליך, אום ניט איינרייצען די מאסען. ער פאדערט, אז מען זאל יעדען קאפיטאליסט, וועלכער וועט זיך ענטזאגען פון אזא טאקטיק, ארייינלעגען אין חרם.

און אין דער זעלבער צייט ווערט דאס פרייע ווארט דערשטיקט און די פריזאנס זיינען פול.

# עס טרויערט מיין הארץ...

פון יעקב פרץ

עס טרויערט מיין הארץ אויף די הימלען דו בלויע,
וואס ווערען פארצויגען מיט וואלקענדלאך, גרויע.
עס וועט פון די וואלקענדלאך א כמארע באלד ווערען
און גיסען ארונטער מיט הימלישע טרערען —
עס טרויערט און וויינט מיר מיין הארץ...

עס טרויערט מיין הארץ אויף די דופטענדע בלומען,
וואס זיינען צו אונז מיט'ן פריהלינג געקומען.
באלד וועלען פארוועלקען די בלומען, די צארטע,
און מיעדיג פארווארפען די קעפלעך פארדארטע —
עס טרויערט און יאמערט מיין הארץ...

עס טרויערט מיין הארץ אויף די קינדערלאך, בלאסע,
וואס וועלקען ווי בלומען אין טענעמענטס, נאסע;
וואס וויאגען נאך איידער זיי הויבען אן בליהען
און תמיד זיי כמארעס דעם הימעל פארציהען —
עס טרויערט און וועהטאגט מיין הארץ...



# וואלט וויטמאן



פון נח שטיינבערג

## דער אינאוואטער

וויטמאן איז דער אָריגינעלסטער דיכטער פון אמעריקא. די אַנדערע אמעריקאַנער דיכטער זיינען מעהר אָדער — ניט וועניגער — נאָר אַ סך עהנליך צו די אייראָפּעאישע דיכטער. אפילו פּאָ, וואָס איז דער צווייטער אמעריקא׳ס אָריגינעלער קינסטלער, דערמאָנט אויך אָן די אייראָפּעאישע קלאַסיקער. וויטמאַן איז אָבער אין גאַנצען אַ נייער אָנהייב. ער איז „אַ נייע באַוועגונג" (ניטשע), אַ נייע גע׳שטאַלט. וויטמאַנ׳ס אַנשויאונג אויפ׳ן לעבען איז אַנדערש פון אַנדערע דיכטער און דענקער. זיין באַציהונג צו דער וועלט איז אַ נייע, און די פאָרמען אין וועלכע ער דריקט דאָס אוים זיינען אויך נייע.

וויטמאן איז ניט בלויז אָריגינעל פאַר אַמעריקא, נאָר ער איז אויך ניי/אלס וועלט־דיכטער. איידער וויטמאַן איז געקומען איז דער גרעסטער טייל פון דער וועלט־דיכטונג געוועזען געקינצעלט, געבונדען אין ארטיפיציעלע רעגלען. ליעדער האָבען געמוזט געשריבען ווערען אין מעכאַניש געמאָסטענע שורות. דער וועטער און דער ריטם האָט געמוזט זיין רעגעלמעסיג, אויסגעהאַלטען, אז ניט האָט מען דאָס געהאַלטען פאַר אַ דעפעקט.

וויטמאַן איז געקומען און באַפרייט די פּאָעזיע פון איהרע טראַדיציאָנעלע בינדונגען. נישט דורך טעאָרעטישע אַנאַליזען האָט ער געפּרעדיגט זיין נייעם פאָרם, נאָר מיט זיין פ ע ר ז ע נ ל י כ ק י י ט. זיין נייע פּערזענליכקייט האָט געפאָדערט אַ נייעם אויסדרוק־פאָרם, — האָט ער זי באַשאַפען.

וויטמאַן האָט געזאָגט צו זיך: איך בין אַ פרייער מענש, איך בין אַ נייער אָנהייב, איך וויל נישט נאָכמאַכען אַנדערע. איך וויל זיין איך. איך וויל זיין וואָס איך בין. איך האָב מיינע אייגענע געדאַנקען, פונקט אזוי ווי איך האָב מיין אייגענעם אָטעם. וויל איך דענקען אויף מיין אייגענעם אופן, פונקט ווי איך אָטעם אויף מיין אייגענעם אופן. וואָס דאַרף איך זיין געבונדען צו אלטע ליטעראַרישע געזעצען? ווער האָט געמאַכט די געזעצען? מענשען, מענשען אזוי ווי איך. וועל איך זיין מיין אייגענער געזעץ. און איך וועל אויסדריקען מיין פּערזענליכקייט לויט מיין אייגענעם כאַראַקטער. איך וועל זיין נאַטירליך אין שרייבען פונקט אזוי ווי אין לעבען. ווי קען אַ מענש אויסדריקען זיין א י ך פונקט אין אזויפיעל און אַזויפיעל זילבען? פונקט אין אזאַ אויסגערעכענטען באַגרעניצטען ריטם? דאָס איז גייסטיגע שקלאַפעריי. איך וועל זיין פריי. פריי ווי דאָס לעבען.

און ער איז טאַקע געווען פריי. געפיהלט פריי און גערענקט פריי, און געשריבען פריי. זיינע פערזען גערען נישט לויט קיינע ליטעראַרישע רעגלען, נאָר לויט דעם פרייען ריטם פון זיין הארץ. קיינע גרעניצען. זיינע ליעדער זיינער ריטמיש לויט דעם טאַנץ פון זיין נשמה...

דערפאַר פיהלט מען אזאַ פרישקייט אין זיינע געזאַנגען. דערפאַר פיהלט מען אין זיינע סימפאָנישע פאָעמען די ברייטקייט פון די פרעירים, און די אונמיטעלבאַרקייט פון דער פרייער נאַטור.

און אזוי ווי די נאַטור, אזוי פריי דאַרף זיין די פּאָעזיע. ווייל ווי קען אַ מענשען איינפאַלען אַ געדאַנק וואָס זאָל זיך פונקט אַריינפּאַסען אין פערצעהן שורות? — דער פאָרם פון אַ סאָנעט.

וואָס טוט דער דיכטער, וואָס פאָלגט די אָנגענומענע רעגלען? אויב זיין געדאַנק איז צו גרויס, פאַרשניידט ער איהם, אויב דער געדאַנק איז צו קליין, בעט ער איהם אונטער מיט ווערטער, מיט די שטענדיג פּאַטעטישע וואַטע, וואָס מען געפינט כמעט ביי אַלע אייראָפּעאישע דיכטער.

וויטמאן איז געוועזען דער ערשטער דיכטער, וואָס האָט זיך באַפרייט פון דער פּאָעטישער וואַטע, פון די ליידיגע ווערטער אויסצופילען דעם „מעטער", דעם ריטם און די גראַמען. ער האָט געשריבען לויט דעם שטורם פון זיין בלוט, לויט דער מוזיק פון זיין גייסט.

וויטמאַנ׳ס איינפלוס הייבט זיך אָן וואָס אמאָל שטאַרקער צו פיהלען אין דער גאַנצער וועלט־פּאָעזיע. די נייע פּאָעזיע אין פראַנקרייך איז שטאַרק אונטער זיין איינפלוס. און די פריי־אָטעמדיגע נייע פּאָעזיע אין אמעריקא איז אַ פאָרטזעצונג פון וואָלט וויטמאַנ׳ס שאַפען.

און דער וואָס אינטערעסירט זיך און האָט א י כ ע ר ל י כ ע אויגען, קען לייכט זעהן, אז די נייע אמעריקאַנער פּאָעזיע איז דאָס שעהנסטע וואָס אמעריקא האָט געשאַפען אויף דעם געביעט פון ליטעראַטור. די יונגע אמעריקאַנער פּאָעזיע איז ניט קיין אימיטאַציע פון וויטמאַנ׳ען, נאָר אַ פאָרטזעצונג פון זיין שולע.

פיעלע מענשען פאַרשטעהען נאָך נישט די נייע פּאָעזיע, זיי מיינען, אז דאָס איז נישט קיין דיכטונג, נאָר שלעכטע פּראָזע. אָבער דאָס איז נישט די שולד פון די דיכטער, נאָר פון די שלעכטע לעזער, וואָס קענען זיך ניט באַפרייען פון טראַדיציע, — פון שאַבלאָן.

מענשען מיט פאָראורטיילע נעגען נייע פאָרמען מיינען, אז וויטמאַן איז פאָרמלאָז. אַ טעות. וויטמאַן האָט שוין גאָר פאָרם, נאָר אַ קאָמפּליצירטען, אַ פרייען.

וואָס וועניגער אַ מענש איז אנטוויקעלט, אַלץ מעהר אַפּעלירט צו איהם אַ פרימיטיווע מעלאָדיע. אָבער צו פאַרשטעהן וואַגנער׳ס אָן אָווערטורע, דאַרף מען האָבען אַ הויך מוזיקאַלישע אנטוויקלונג.

דאָס זעלבע איז אין דער דיכטונג. צו פאַרשטעהן אַ ליעד, וואָס איז געשריבען אין אַן איינאַרטיגען: טאַ־טאַ־טאַ־טאַ, איז לייכט פאַר יעדען ניט אנטוויקעלטען מענשען, אָבער צו פאַרשטעהן וויטמאַנ׳ס אַ פּאָעמע, וואָס איז אזוי קאָמפּליצירט ווי וואַגנער׳ס אָן אָווערטורע, דאַרף מען זיין אַ קולטיווירטער מענש.

וויטמאַנ׳ס פּאָעמען זיינען עהנליך צו מאָדערנע אָרקעסטערס. זיינע ליעדער זיינען ניט צוגעפּאַסט צו איינאַרטיגע מעלאָדיען. וויטמאַנ׳ס ליעדער זיינען פול מיט פאַרשיעדענע אַקאָרדען און דיסקאָרדען. ער שרייבט וועגען גוט און בייז, וועגען די פּראָסטיטוטקע און וועגען פּרעזידענט. און דער טאָן איז אַלעמאָל אָן עקזאַלטירטער, אַ באַגייסטערטער, ווי פון אַ נביא. זיינע ליעדער האָבען שוין גאָר ריטם, נאָר דעם געמישטען ריטם פון לעבען, דער ריטם פון ווינד, דער ריטם פון די בוימער אין וואַלד, דער שטילער ריטם פון די שטערען, און דער שטורעמדיגער ריטם פון ים; דער ריטם פון דער ערד מיט אַלע איהרע באַשעפענישען, דער ריטם פון די גרויסע שטעדט מיט איהרע באַהנען און מאַשינען, דער ריטם פון דער לעבעדיגער נאַטור.

וויטמאַן איז דער דיכטער פון קאָסמאָס. ער איז אינדיווידועל. ער איז דער גרעסטער דעמאָקראַט און דער שטאַרקסטער אינדיווידואַליסט. ער זאָגט:

„קיין זאַך איז ניט גוט פאַר מיר וואָס איגנאָרירט דעם אינדיווידום." ווייל „די גאַנצע לעהרע פון אוניווערז איז געציעלט צו אַן איינציגען אינדיווידום — צו דיר."

וויטמאן האט פארהייליגט דעם אינדיווידום, פונקט אזוי ווי ער האט פארהייליגט די גאנצע וועלט. פיעל מאל באטאנט ער, אז דער טייל איז אזוי וויכטיג ווי דאס גאנצע. דערפאר איז וויטמאן ניט קיין פאטריאט פון איין לאנד, פון אמעריקא, נאר ער איז געווען א פאטריאט פון אלע לענדער, פון דער גאנצער וועלט. יעדעס לאנד איז איהם גלייך טייער, יעדע נאציאן איז איהם ליעב פונקט ווי יעדער איינציגער מענש. ער איז א באוואונדערער פון אלע פעלקער און וויל אז אלע זאלען זיין פריי. ער האט ניט בלויז געפרעדיגט פרייהייט אין דער ריכטונג, נאר אויך אין לעבען, פרייע גרעניצען אין אלע לענדער. ער זאגט:

„אין דעם שמאלען זין בין איך ניט קיין אמעריקאנער — רעכענט מיך ניט אריין. איך וויל קיין זאך ניט באגרעניצען. זאל אלצדינג זיין אפען; פאר איטאליען, פאר כינא, פאר אלעמען. איך ליעב אמעריקא, איך גלויב אין אמעריקא, ווייל איהר בויך קען ארייננעמען און פארדייען אלעמען — אנארכיסטען, סאציאליסטען, פריעדענמאכער, קריעגער, לאבוסעס און דעגענע[?]טען פון פארשיעדענע זארטען — האלטען און אלעמען פארדייען. אמעריקא איז ניט דער לעצטער און איינציגער ציעל; אמעריקא דארף בלויז בייטראגען איהר בייטראג צו דעם גרויסען פלאן פון דער וועלט."

## דער סוד פון פערזענליכקייט

צו פרעריגען אזעלכע רעוואלוציאנערע אירעען א גאנצען לעבען דארף מען זיין א גרויסע פערזענליכקייט, און וויטמאן איז דאס געווען. ער איז אפשר די גרעסטע פערזענליכקייט וואס אמעריקא האט געהאט. ניין, דאס איז זיכער. דאס איז אזוי זיכער, ווי ס'איז זיכער אז לינקאלן איז אמעריקא'ס גרעסטער שטאאטסמאן.ביידע זיינען געווען מענשען ניט פון ביכער, נאר פון טאטען. גרויסע מענשען וואס האבען געקענט זיין באגייסטערט און באגייסטערען אנדערע, געקענט ליעבען און זיך אפפערען.

אין דער צייט פון מלחמה איז וויטמאן געווארען א וואלונטיר צו היילען און באדיענען די קראנקע סאלדאטען. ער האט דארט ארויסגעוויזען אזוי פיעל ענערגיע, אזוי פיעל מענשען־ליעבע, אז זיינע שונאים האבען געמוזט צומאכען זייערע מיילער. זיינע געגנער האבען איהם געטאדעלט פאר וואס ער האט ניט געוואלט קיין אנטייל נעמען אין דער מלחמה, אבער וויטמאן איז געווען געגען קריעג און ניט געוואלט אננעמען קיין אמט. אבער ווען ס'איז געקומען צו העלפען מענשען, איז ער געגאנגען פרייוויליג און געטאן זיין העראאישע ארבייט.

עס ווערט דערצעהלט, אז וויטמאן האט א צייט געפיהרט א וואגען פון א פוהרמאן, ווען דעם פוהרמאנ'ס פרוי איז געווען קראנק. אזא ליעבע צו מענשען קען נאר ארויסווייזען אזא רייכע געזונטע נאטור ווי וויטמאן. און די רייכקייט און געזונדקיים רערט ארוים פון זיינע פאעמען. ער זאגט:

„מיר דאכט, איך וואלט געקענט לעבען מיט חיות;
„זיי זיינען אזוי געלאסען און איינגעהאלטען!
„זיי שוויצען ניט און קלאגען ניט אויף זייער לאגע;
„זיי ליגען ניט וואך אין דער פינסטער, קלאגענדיג אויף זייערע זינד.
„זיי מאכען מיך ניט קראנק, דיסקוטירענדיג וועגען זייער פליכט צו גאט.
„איך בין א פרייער קאמעראד; איך ליעג ביי באלאגערענדע וואך־פייערען."

אין באצוג צום גלויבען איז וויטמאן אן אלגלויביגער. ער זאגט:

„איך פאראכט אייך ניט, פריסטער. מיין גלויבען איז דער גרעסטער פון אלע גלויבענס, — ער אנטהאלט אלע גלויבענס, פארצייטיגע און היינטיגע, און אלע צווישען די פארצייטיגע און היינטיגע."

וויטמאנ'ען זיינען אין גאנצען פרעמד די קרענקליכע שטימונגען פון דעם נערוועזען גרויס־שטאדטישען מענשען, כאטש ער אליין האט א לאנגע צייט געלעבט אין ניו־יארק. וויטמאן האט אין זיך געהאט אן אונערשעפליכען קוואל פון עקסטאז. ער האט אין אלץ געזעהן וואונדער:

„איך הער און זעה גאט אין יעדער זאך, און איך הייב ניט אן צו פארשטעהן וואס עס קען זיין וואונדערליכער ווי איך אליין."

וויטמאן האט ליעב געהאט דאס לעבען, דערפאר האט ער געהאט אזא שטארקען גלויבען, דערפאר האט ער געפיהלט אזוי פיעל פרייד, דערפאר איז ער געווען אזוי אפטימיסטיש. דערפאר האט ער געקענט אומארמען די גאנצע וועלט. דערפאר האט ער געזעהען דעם גרויסען וואונדער אין אלעם און אין זיך:

„דאס בין איך, ווען איהר האלט, און איך האלט אייך.
איך שפרינג ארוים פון די בלעטער אין אייערע ארעמס,—
דער טויט רופט מיך אוועק,
גענוג, אה פארשווינדענדע געגענווארט
גענוג, אה אונטערגעשטריכענע פארגאנגענהייט!
מיין טייערער פריינד, וואו דו זאלסט ניט זיין,
עמפאנג מיין קוש.
איך גיב איהם הויפטזעכליך דיר, — פאר געס מיך ניט.
איך פיהל ווי איינער וואס האט אפגעטאן זיין ארבייט, —
איך געה ווייטער."

וויטמאנ'ס גרויסקייט און נייקייט באשטעהט ניט אין דעם וואס ער האט געשריבען א בוך, — נאר וואס ער האט גענומען א לעבעדיגען מענשען, א שטארקע אינדיווידואליטעט, און געמאכט פון איהם א בוך. און דאס בוך איז ער אליין...

דערפאר זאגט ער מיט רעכט וועגען זיין בוך „בלעטער פון גראז":

„דאס איז ניט קיין בוך, — ווער עס ריהרט אן דעם בוך, ריהרט אן א מענשען."

---

# דער שטיין און דאס שפענדער

(פאבעל)

פון נחום י.

[?] שפענדעל, אפגעשפאלטען פון א האלץ,
וואס איז מיט שטאלץ
[?]עשוואומען פראנק און פריי
פארביי
[?] שטיין, וואס איז געלעגען אויפ'ן ברעג,
האט איהר געטאן א פרעג:
— „דו גיב מיר צו פארשטעהן,
פאר וואס א שטיין
פאלט גלייך
צום גרונד פון טייך,
און אויבען אויפ'ן וואסער קאן ער ניט פארבלייבען.
און איך, פארקעהרט, — איך שווים אהין
וואוהין
די שטראמען טרייבען"...
— „איך מיין," —
געענטפערט האט דער שטיין,
„די זאך פון דעם איז גאנץ געוועהנליך:
איך פאל צום גרונד — ווייל איך בין שווער,
און דו? — דו וואקעלסט זיך אהין און הער —
ווייל דו ביזט גרינג און קליינליך."

# גלייך אין פלאן

פון עקיבא ברוידעס

**פון דער רעדאקציע:** מיט איניגע ארגומענטען וועלכע אונזער געעהרטער מיטארבייטער אפעריערט אין דעם ארטיקעל זיינען מיר אינגאנצען נישט איינשטימיג. ביי א געלעגענהייט וועלען מיר זיי גענוי באטראכטען.

אנשטאט די פארשיערענע „סאציאליסטישע" ריכטונגען פון ביז מיט עטליכע יאהר צוריק ווערט יעצט די ארבייטער־באוועגונג כמעט אין אלע לענדער צוטיילט אין באשטימטע, אינגאנצען אפגעזונדערטע צווישען זיך, פיינדליכע פארטייען. כל־זמן די סאציאליסטישע פראגראמען האבען זיך געזארגט זעהר וועניג וועגען דעם סאציאליזם גופא און האבען אין זייער גרעסטען טייל זיך אפגעגעבען מיט געוואונשטע אויסבעסערונגען פון דער הערשענדער קאפיטאליסטישער ארדנונג איז געווען גאנץ נאטירליך, אז גאר פיעלע מענשען זאלען זיך אנשליסען אן א „סאציאליסטישער" פארטיי בלויז צוליעב יענע אויסבעסערונגען, די „רעפארמען", צו וועלכע זי האט געשטרעבט.

גאר א גרויסער טייל פון דער „אינטעליגענץ" אין דער סאציאליסטישער באוועגונג האט אנגענומען דעם סאציאליזם אויפ'ן זעלבען אופן, ווי די פרומע אידעאליסטען מאכען שלום מיט דעם אונפארמיידליכען טויט. שטארבען מוז מען און מען שאפט פאר זיך א גרויסארטיגען אידעאל וועגען א „יענער וועלט" מיט א גן־עדן, געגען וועלכע די וועלט איז נור א פרוזדור (א קארידאר), א וועג צו דעם עולם האמת. אבער די פרומע איילען זיך ניט דעם וועג דורצומאכען. וואס לענגער עס וועט געדויערען די נסיעה צום גן־עדן איז אלץ בעסער; מען קען כלומר'שט דערווייל אנקלייבען מעהר מצוות, אזוי אז מען זאל אנקומען „אהינצו" מעהר אויסגעלייטערט און מיט א גרעסערען פאק מעשים־טובים. די אינטעליגענציע פארשטעהט, אז דער צוזאמענברוך פון דעם קאפיטאליזם איז אונפארמיידליך און זי שאפט פאר זיך אן אידעאל פון דער קומענדער סאציאליסטישער ארדנונג, אבער נאך צוריק מיט צוואנציג יאהר האט עדוארד בערנשטיין, איינער פון די עהרליכסטע, פרומסטע אינטעליגענטען, וועלכע באטייליגען זיך אין דער יעצטיגער „סאציאליסטישער" רעגיערונג אין דייטשלאנד, אפענהערציג געזאגט, אז דער צוועק, ד. ה. דער סאציאליזם, איז נור א תפל, א בייזאך, דער עיקר איז די באוועגונג, די ארבייט פאר רעפארמען, ד. ה. דאס אנקלייבען פון סאציאלע מצוות און מעשים טובים. ער האט דאמאלסט זיין טעאריע ניט געפיהרט צו איהר לאגישען שלום און ניט געזאגט, אז לכן דארף מען זעהן פארבלייבען אין דער פרוזדור, אין דעם דורכגאנג, וואס לענגער און אפהאלטען דעם קומען צום עולם האמת פון דער סאציאליסטישער ארדנונג. וואס שטארקער, אינטענסיווער עס איז דער לעבען פון דער באוועגונג אלץ מעהר פארגעניגען האט מען פון דעם עולם הזה. ניט בערנשטיין און ניט זיינע חברים האבען זיך געריכט, אז דער סוף וועט קומען אזוי שנעל. אויף זייערע יאהרען, האבען זיי געדענקט, וועט נאך קלעקען. ערשט יעצט, ווען דער צוועק, די סאציאליסטישע רעוואלוציע, האלט ביים פארווירקליכט ווערען, האבען זיי זיך ארומגעקוקט, אז די זאך קומט צו שנעל און זיי ווארפען בענקענדע בליקען צוריק אויף דעם פאר־הויז; פון וועלכען זיי ווילט זיך אזוי ניט אוועק. דער גן־עדן גופא האט שוין אויפגעהערט צו זיין פאר זיי אזוי צוציהענד ווי ער איז פריהער געווען. אום צו ראטעווען זייער עיקר,—די „באוועגונג",— ארבייטען זיי יעצט מיט אלע כחות ,און זאגען זיך אפילו ניט אפ פון דער הילף פון מאשין־ביקסען, כדי אפצוהאלטען דעם קומען פון דעם תפל, דעם סאציאליזם.

ביז מיט עטליכע יאהר צוריק האבען אלע ריכטונגען אין דער סאציאליסטישער באוועגונג געקענט פארבלייבען בלויז אלס ריכטונגען אין דער זעלבער פארטיי. אפילו די יעניגע, ביי וועמען דער עיקר איז געווען די באוועגונג גופא, ניט דער צוועק — דער סאציאליזם — האבען אין דער ווירקליכקייט ניט פיעל געשטערט דעם גאנג צום אמת'ן עיקר, צו דער פאלשטענדיגער באפרייאונג פון דעם ארבייטער־קלאס, הגם זייערע טעאריעס האבען זיכער געבראכט פיעל שאדען פאר דעם באוואוסטזיין פון די מאסען. פראקטיש האבען אלע ריכטונגען, אפילו די לינקסטע, געטאן די זעלבע ארבייט, האבען זיך אפגעגעבען בלויז מיט רעפארמען און דערפאר האבען זיי זיך אלע געקענט צוזאמענלעבען אין דער זעלבער פארטיי און קעמפען אונטער דער זעלבער סאציאליסטישער פאהן.

די רעפארמערישע טעטיגקייט פון די סאציאליסטישע פארטייען איז אין איהר צייט געווען א גאנץ נויטיגע און וויכטיגע ארבייט. דער סאציאליזם גופא איז געווען א זאך פון לעתיד לבוא, פון דער ווייטער צוקונפט. די אויפגאבע פון די פארטייען איז געווען צו דערציהען די מאסען צום געדאנק, אז דורך פאראייניגונג און דורך קאמף קענען זיי זיך באפרייען און די בעסטע דערציהונג איז די, וועלכע קומט אויף א פראקטישען וועג. דער בורזשואזער ליבעראליזם, כאטש ער האט שטענדיג גערעדט אין דעם נאמען פון דעם גאנצען פאלק, איז קיינמאל אליין ניט געגאנגען ווייטער פון באזארגען די בורזשואזיע גופא מיט די אלע קאפיטאליסטישע פרייהייטען, אין וועלכע זי אליין האט זיך גענויטיגט. מען האט געמוזט דורך פראקטישע וועגען איבערצייגען די ארבייטער, אז די גרויסע פרינציפען פון פרייהייט און גלייכהייט, פאר וועלכע זיי האבען געהאלפען דער בורזשואזיע צו קעמפען, זיינען ניט קיין אלגעמיין מענשליכע היילינגטימער, נאר פשוט'ע מיטלען פאר א געוויסער פארמע פון קלאסענהערשאפט. דער קאמף, וואס אלע סאציאליסטישע פארטייען פון איראפא האבען אנגעפיהרט פאר גלייכע פאליטישע רעכטע, פאר אלגעמיינע און גלייכע שטימרעכט, למשל, איז געווען וויכטיג, ניט אזוי פיעל צוליעב דער מעגליכקייט פאר די ארבייטער צו האבען מעהר פארשטעהער אין די געזעצגעבענדע קערפערשאפטען פון די בורזשואזע פארלאמענטען, ווי אלס א פראקטישער וועג צו צייגען די מאסען, אז דער מאדערנער שטאאט איז ניט דאס, פאר וואס די בורזשואזיע גיט איהם אן, אלס דעם באשיצער פון דעם „גאנצען פאלק", אז ווען אפילו די ארבייטער קעמפען אויס פאר זיך א בעסערע עקאנאמישע לאגע, איז עס גאנץ שווערליך צו צווינגען די הערשענדע קלאסען צו באשטעטיגען געזעצליך דאס, וואס די ארבייטער האבען שוין פאקטיש. די שטארקסטע בארעכטיגונג פאר דער רעפארמישער פארלאמענטארישער טעטיגקייט פון די סאציאליסטישע פארטייען איז שטענדיג געווען נאר די פראפאגאנדא, וואס די דאזיגע טעטיגקייט האט געשאפען. דער אמת איז דאך, אז די ארבייטער האבען קיינמאל, ערגעץ ניט, ניט באקומען קיין ממשות'דיגע פארבעסערונגען אין זייער לאגע דירעקט דורך געזעצגעבונג. אויב די בורזשואזע פארלאמענטען האבען ווען עס איז געמאכט געזעצען לטובה פון די ארבייטער, איז דאס אימער געווען א רעזולטאט פון ארבייטער־אונרוהען אויסער די פארלאמענטען און די צאהל ארבייטער־פארשטעהער אין די געזעצגעבענדע קערפערשאפטען גופא זיינען אין דעם פרט געווען ניט מעלה און ניט מוריד (ניט געהאלפען און ניט געשאדט), ניט זיי האבען די געזעצען דורכגעפיהרט.

עס איז שטענדיג געווען א געפאהר, אז די פרומע אינטעליגענץ, די פאליטישע פארשטעהער פון די ארבייטער, וועלען נאטירליך זיך פארגעסען אויף דעם צוועק פון זייער ארבייט

און וועלען מאכען דעם תפל פאר אן עיקר. דער עיקר פון דער סאציאליסטישער באוועגונג איז טאקע דער סאציאליזם, אבער זייער אייגענע באלדיגע ארבייט באשטעהט דאך פארט פון פרעדיגען רעפארמען. עס איז דער דרך הטבע, אז מענשען זאלען באטראכטען זייער אייגענע ארבייט אלס דאס וויכטיגסטע, אלס דעם מיטעלפונקט פון אלץ אויף דער וועלט. פיעלע אמת'ע, ווייטזעהענדע רעוואלוציאנערע סאציאליסטען האבען די דאזיגע סכנה געזעהן און געקעמפט געגען איהר, אבער כל־זמן עס איז ניט געוועזן קיין בעסערער, פראקטישערער וועג פאר אנפיהרען די סאציאליסטישע פראפאגאנדא האט מען געמוזט די סכנה פארזעהען, אבער לכל הפחות מאכען שלום מיט איהר. אויסער דעם איז די לאגע פון דעם ארבייטער־קלאס געוועזן אזא שרעקליכע, ער איז געוועזן אזוי שרעקליך פארשקלאפט און אזוי הילפלאז, אז יעדער קליינינקער געווינס דורך רעפארמען איז געוועזן העכסט וויכטיג אלס א פארלייכטערונג פון דער לאגע. אויב מען וויל אנפיהרען אן אויפקלערענדע פראפאגאנדא צווישען די ארבייטער, מוז די לאגע פון די מענשען, וועלכע מען וויל אויפקלערען, זיין אמווענינגסטענס מענשליך גענוג, אז זיי זאלען זיין אימשטאנד אויסצוהערען און צו באנעמען וואס מען רעדט צו זיי.

איינער פון די גרעסטע שטערונגען אין דער סאציאליסטישער פראפאגאנדא איז שטענדיג געוועזן דער אונצוטרוי פון די ארבייטער צו זיך אליין, זייער אפהענגיגקייט, די שוועריגקייט פאר זיי זיך פארצושטעלען זייער אייגענעם לעבען אהן בעלי־בתים איבער זיך. עפעס האט זיך דאס ניט געלייגט אויף זייער מוח. נאך אלע שטארקע ארגומענטען געגען אמונה בלייבען דאך פיעלע ווי געפענטעט פון דער קשיא: „אבער די וועלט מוז דאך האבען א גאט איבער זיך!" און מען געהט כאטש איינמאל אין יאהר אין שול אריין. אין דערמאן זיך וועגען א תירוץ, וואס אן אלטער אפיקורס האט מיר אמאל געגעבען אויף דער דאזיגער קשיא. דער איד איז געווארען אן אפיקורס פון צופיעל לומדות און דערפאר האט ער מיר מיין פראגע פארענטפערט מיט א משל וועגען איינעם, וועלכער האט זיך געהאלטען ביים עק פון א לויפענדער בהמה און האט געשריען „גוואלד, ראטעוועט!" די קוה שלעפט איהם... לאז אפ דעם עק און שריי ניט: „גוואלד, ראטעוועט", דאס איז די איינציגע און בעסטע עצה פאר דעם שוטה. די ארבייטער האבען זיך געפיהלט ווי צוגעבונדען צו דעם עק און האבען אפילו אזא פשוט'ע עצה ניט געקענט באנעמען.

די רוסישע רעוואלוציע, די באלשעוויסטישע, האט געשאפען א לאגע, וועלכע מאכט די אלטע מעטאדען פון סאציאליסטישער פראפאגאנדא ניט נור ניט נויטיג, ניט נור רעאקציאנער און אין העכסטען גראד שעדליך, נאר — און דאס איז דער עיקר — ניט ווירקזאם. עס איז דאס זעלבע ווי פאר א רעוואלוציאנערער פארטיי צו פרעדיגען א קאנסטיטוציאנעלע מאנארכיע אויף דעם ארט פון אן עקזיסטירענדער דריקענדער זעלבסטהערשונג אין דער צייט ווען עס זיינען שוין א רעפובליקען אויף דער וועלט. די טענות וועגען „אנדערע היסטארישע אומשטענדען", וועגען דעם, אז מען קען ניט מאכען מיט אמאל א צו גרויסען שפרונג", זיינען נור פוסטע ווערטער. די רוסישע ליבעראלע פארטייען אין דער צייט פון דער זעלבסטהערשונג זיינען קיינמאל ניט געווארען פאפולער הויפטזעכליך דערפאר, וואס זיי זיינען ניט געגאנגען ביז דעם סוף פון זייערע אייגענע טעאריעס. אויב דער צאר און די פריצים זיינען שולדיג אין די צרות פון פאלק און מען קען ביי זיי צונעמען זייער מאכט דארף מען פון זיי אינגאנצען פטור ווערען. די דאזיגע לאגיק איז די איינציגע, וועלכע האט זיך געלייגט אויף די מוחות פון די רוסישע פויערען אפילו. אין דער צייט ווען עס לעבען אויף דער וועלט די רוסישע און די אונגארישע פראלעטארישע רעפובליקען איז עס פשוט לעכערליך צו זוכען צו מאכען סאציאליסטישע פראפאגאנדא צווישען די ארבייטער־מאסען דורך א קאמף אין דעם ניו־יארקער סיטי האל פאר ביליגע אייז און ביליגע מילך, אדער אפילו דורך פרייע דענטאל קליניקס אין די קינדער־שולען. כל־זמן די ארבייטער זיינען אינגאנצען בלינד און ווייסען גאר ניט וועגען דעם לעבען ארום זיי, מיינען זיי, אז זיי זיינען צוגעבונדען צום קאפיטאליסטישען עק און טראכטען ביי זיך: עס איז פארפאלען, מען מוז זיך נאכשלעפען, כאטש זיי פרובירען זיך נאטירליך איינהאלטען די קוה זי זאל ניט לויפען אזוי האסטיג. זיי וועלען אייך אבער אנקוקען ווי משוגעים אדער ווי פארפיהרער ווען איהר וועט קומען צו זיי מיט די גוטע נייעס, אז אין רוסלאנד און אין אונגארן האבען די ארבייטער זיך אינגאנצען באפרייט פון דער בהמה, אז די צוגעבונדענקייט האט זיך ארויסגעוויזען ניט מעהר ווי א ביטערער חלום און אין דער זעלבער צייט וועט איהר זיי ראטען, אז זיי זאלען דערווייל זיך האלטען ביים עק און פארשווענדען זייערע כחות אויף שלעפען די קוה צו זיך.

יעצט צו פראפאגאנדירען סאציאליזם און צו פארשוויינען די עקזיסטענץ פון דער פראלעטארישער דיקטאטור אין רוסלאנד איז פשוט אוממעגליך, אויסער דעם וואס דאס וואלט געווען פשוט פארראט צום סאציאליזם. דערצעהלען די ארבייטער וועגען רוסלאנד און אונגארן און אין דער זעלבער צייט פשט'לען אז ביי אונז דא אין אמעריקא זיינען „אנדערע אומשטענדען" און וועגען א „צו האסטיגען שפרונג" וועט דער פשט'לען זיך אליין צונעמען דעם צוטרוי פון די מאסען פון דער סאציאליסטישער פארטיי. זיי וועלען זיי ניט קענען פארשטעהן, ווארום זייערע מוחות זיינען פשוט'ער, גלייכער, און דערפאר פארשטעהען זיי ניט קיין אינטעליגענטסקע פשט'לאך.

עס איז קלאר, אז די מעטאדען פון דער סאציאליסטישער פראפאגאנדא קענען יעצט ניט בלייבען די זעלבע ווי זיי זיינען געווען ביז יעצט. די פראגע צי די גאנצע וועלט איז יעצט שוין אויף דעם שוועל פון דער סאציאלער רעוואלוציע האט מיט דער פראגע וועגען מעטאדען און פראפאגאנדא כמעט ניט צו טאן. אלענפאלס, קיינער וועט ניט לייקענען, אז מיר זיינען יעצט פיעל נעהענטער צו דער רעוואלוציע אפילו אין אמעריקא, איידער מיר זיינען געווען מיט פינף יאהר צוריק. כל־זמן די אלגעמיינע פראפאגאנדא מיטלען פון אלע סאציאליסטישע ריכטונגען זיינען געווען, האבען געמוזט זיין, די זעלבע, איז מעגליך געווען א פראקטישע מיטארבייטערשאפט צווישען מענשען, וועלכע האבען באטראכט די באוועגונג אלס אן עיקר און דעם סאציאליזם אלס א תפל און די, ביי וועמען דער עיקר איז תמיד געווען נור דער סאציאליזם. יעצט איז אבער אומעטום די דאזיגע מיטארבייטערשאפט געווארען אוממעגליך און אין דער סאציאליסטישער באוועגונג האט געמוזט פארקומען אן אפגעשפאלטונג.

די מענשען, וועלכע הייבען אן געהן אויף א נייעם וועג, זיינען תמיד נאטירליך לכתחילה א מינאריטעט. זיי פעהלט דער כח פון דער טראדיציע און עס נעמט צייט צו געווינען די מאסען צו נייע אידעען און צו נייע מעטאדען. אפשפאלטענדיג זיך פון דער סאציאליסטישער פארטיי אין דעם נאמען פון דעם אמת'ען ריינעם סאציאליזם, זיינען די רעוואלוציאנערע סאציאליסטען געצוואונגען צו לאזען צוזאמען מיט אנדערע טראדיציעס אויך דעם נאמען סאציאליזם גופא אין די הענט פון די אלטע בעלי־חזקה, פון דער דערווייליגער מעהרהייט. די נייע רעוואלוציאנערע באוועגונג טרעט אומעטום ארויס אונטער דעם נאמען פון דער באוואוסטזיניגער קלאסען־באוועגונג פון די רעוואלוציאנערע ארבייטער. דער ערשטער דאקומענט צו באגרינדען די טעאריע און די שטרעבונגען פון דער דאזיגער באוועגונג, געשריבען מיט זיבעציג יאהר צוריק, איז באוואוסט אלס דער קאמוניסטישער מאניפעסט. דער נאמען סאציאליזם איז אנגענומען געווארען שפעטער, ווען עס איז געווארען נויטיג אפצוטיילען זיך פון די אנארכיסטען, וועלכע האבען געוואלט די סאציאלע רעוואלוציע פארוואנדלען אין אן אונטערנעמונג פון פריוואטע, איינצעלנע באוואוסטזיניגע קאמוניסטען דורך מיטלען, וועלכע זיינען געווען דער אויסדרוק פון אונצוטרוי צו די ברייטע מאסען.

אין קורצען: די קאמוניסטישע פארטיי וויל זיך גלייך ארויסשלאגען פון דעם פרוזדור, פון פאדער־הויז גלייך אין פאלאץ אריין.

# פאַרשפּעטיגטע נאָטיצען

פון י. ב. ביילין

אין לעצטען נומער „פריינד“ האָבען מיר אין אונזערע עדיטאָריעלע נאָטיצען געפּרובט געבען אַ קורצען איבערבליק און אַן אָפּשאצונג פון דער דעטראָיטער קאָנווענשאָן. מיר ווילען זיך דאָ אָפּשטעלען אויף נאָך צוויי פּונקטען, וועלכע מיר האָבען ארויסגעלאָזט אין לעצטען נומער צוליעב מאַנגעל אין פּלאַץ.

דער ברוקלינער אינצידענט, וואָס איז אויף אַ פּראַקטאָקאָלמעסיגען אופן גענוי איבערגעגעבען געוואָרען פון אונזערע קאָנווענשאָן רעקאָרדינג סעקרעטערע, האָט זיך זעהר כאַראַקטעריסטיש פּאַרהאַנדעלט אויף דער קאָנווענשאַן. עס איז, אייגענטליך, געווען אויסער פּלאַץ און צייט אריינצולאָזען זיך אין דעם עצם פראַגע, צי ברוקלין איז בארעכטיגט, על פּי דין, צי על פּי יושר, צו אַ באַזונדערע טעריטאָריע, צי נייןָ. אויף וויפיעל אונז איז באַקאַנט, האָבען זיך גראַדע געפונען אַ באַדייטענדע צאָהל דעלעגאַטען, וואָס האָבען אין אַלגעמיין סימפּאַטיזירט מיט דעם געדאַנק, אַז אויב אייניגע ברענטשעס אין ברוקלין פאָדערען אַ באַזונדערע טעריטאָריע, זאָל מען זיי דאָס באַווילינגען. אָבער ווי עס איז געקומען צו דער פראַגע וועגען צולאָזען די פיער פּרעטענדירענדע דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאַן האָבען אַלע ווי איינער געשטימט פאַר דער רעקאָמענדאַציע פון דער קרעדענשעל קאָמיטע נישט צוצולאָזען זיי. צו דעם האָבען נישט נאָר ביי־געטראָגען די דריי שטאַרקע און איבערצייגענדע רעדעס פון די פריינדע י. וויינבערג, אב. עפּשטיין און איז. קאָהען. הויפּטזעכליך זיינען דערפאַר געווען פאַראַנטוואָרטליך די באַנעהמונגען און טאַקטלאָזיגקייטען פון דער קליינער ברוקלינער גרופּע און זייער נישט גאַנץ זויבערע שטיקעל „ליטעראַטור“, וואָס האָט עס געדאַרפט געווינען די געזעלשאַפטליכע מיינונג. די אַ. ר. טוער האָבען נישט פארגעסען דעם מוסר־השכל, וואָס זיי האָבען געלערענט אין די עטליכע טומעלדיגע יאָהרען. דאָס זייען מיסטרויען און פאַרביטערטקייט רעכטס און לינקס, דאָס שליידערען מיט אזא לייכטען הארצען שווערע באשולדיגונגען געגען די בעסטע טוער אין אַ. ר. האָט געדאַרפט גלייך אויסגעריסען ווערען מיט'ן וואָרצעל. און דאָס האָט אזוי אויסגעצייכענט פאַרשטאַנען צו טאָן די גאַנצע קאָנוועשאָן. נישט נאָר האָט זי מיט דעם באַשטראָפט די, וואָס זיינען שולדיג געווען אין אויפהייבען אַ נייעם טומעל און אַ ברודער־קריעג אין אַ. ר., נאָר זי האָט מיט דעם אויף אַ לאַנגער צייט ענטמוטיגט אַזעלכע זאָרטען פאַרזוכען.

כמעט אויף דער זעלבער ליניע האָט זיך די קאָנווענשאָן געשטעלט, ווען עס האָט זיך פאַרהאַנדעלט דער רעפּאָרט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע און דער בריעף, וואָס אַ גרופּע פּאַציענטען פון סאַניטאַריום האָט צוגעשיקט. עס איז געווען קלאָר, אַז דער סאַניטאַריום קאָמיטע קומט אויס צו אַרבייטען אונטער קאָמפּליצירטע אומשטענדען, פון איין זייט די צווייטינקייטען צווישען די אָנגעשטעלטע, וואָס האָט געבראַכט צו דעם אַזוי פיעל איבערגעטריבענעם „סטרייק“; פון דער צווייטער זייט דער פאַקט, וואָס עס האָט געפעהלט די זיכערע האַנט פון אַן אינגווענינסטען מענעדזשער, וואָס זאָל דאָרטען שטענדיג זיין אויפ'ן פּלאַץ און נישט דארפען ווארטען אויף דער קאָמיטע פאַר דירעקטיווען ביי יעדער געענדערטער סיטואציע. אָט די צוויי פאַקטען צוזאמען מיט דער אַלטער פּראָבלעם פון האָבען דיסציפּלין אין אַ דעמאָקראַטישער אינסטיטוציע, וואו יעדער איינער פיהלט זיך פריי, ווי ביי זיך אין דער היים, און קען ווערען געשטרויכעלט איבערצוטרעטען געוויסע נ ו י ט י ג ע רולס, וואָס זיינען וויכטיג פאַר זיין אייגענעם געזונט, האָט די קאָנווענשאָן גענומען אין באטראַכט, ווען זי האָט געהאַנדעלט איבער דער פראַגע און האָט מיט דאנק גוטגעהייסען דעם רעפּאָרט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע.

איבערהויפּט דארפען מיר אין אכט נעמען די אויבענדערמאָנטע פּראָבלעם וועגען דיסציפּלין און דעמאָקראַטיע. ווי פאָרזיכטיג איהר זאָלט נישט זיין אַלס פּאַציענט, קומט דאָך אַמאָל אויס, אַז אַ געוויסע זאַך וואָס איז געגען דער דיסציפּלין זעהט ביי אייך גאָר אויס אַלס נאַריש און אָפטמאָל אפילו באַרבאַריש. ווי טאַקטיש איהר זאָלט נישט זיין אַלס פאַרוואַלטער, אָדער מיטגליעד, פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע, אין אייערע באַציהונגען מיט די פּאַציענטען קומט דאָך אַמאָל אויס, אַז דער דענערווירטער און קרענקליכער פּאַציענט זעהר אין דעם אָדער יענעם וואָרט אַ ביוראָקראַטישען אויסדרוק און אין זיין פאַנטאַזיע מאָלט ער אייך שוין אַלס אַ נאָסקע, אָדער אפשר גאָר אַלס אַ קאָלטשאַק. די לאַגע איז אָבער ביי אונז נאָך מעהר אָנגעשטרענגט צוליעב דעם, וואָס אין סאַניטאַריום געפינען זיך פריינד פון פאַרשיעדענע מקומות, פון פאַרשיעדענע ברענטשעס, און עס טרעפט אויך, אַז אַ פריינד ברענגט מיט זיך אויסער זיין אומגליק, די קראַנקהייט, אויך קריוודעס, וואָס ער האָט געהאַט געגען דער עקזעקוטיוו נאָך אין מלך סאָביעסקי'ס יאָהרען. וואָס איז די נפקא מינא, וואָס פאַרוואַלטונגען קומען און געהען — אַבי ער האָט פאַר זיך אַ פאַרטרעטער פון דער פאַרוואַלטונג... ער מוז דאָך אויך זיין אָט פון יענע, וואָס האָבען איהם אַמאָל געטאָן אַ קריוודע... (איין גאָט ווייס אַ סך מאָל ווער עס איז געווען גערעכט אין דעם משפּט!) נו, קיין בעסערען פעלד ווי זיך אָפּצורעכענען מיט דער פאַרוואַלטונג וועט ער שוין קיינמאָל נישט האָבען... די געלעגענהייט איז געקומען און —

פאַר דעם וואָס ווייטער קומט פאָר איז שוין אונזער אַמאָליגער „געקריוודעטער“ פריינד נישט פאַראַנטוואָרטליך. עס ענטוויקלען זיך שוין סבות, עס וועבען זיך שוין אזיס מיספאַרשטענדניסע און שטיקלאך סקאַנדאַלען... דאָ אַן אונצופריעדענער פון די אָנגעשטעלטע מיט זיינער אַ קריוודע — דאָרטען

דער רעקרוטינג אָפיסער פון אַ פריייוויליגער אַרמיי איז וויכטיגער ווי דער

אן ענטוישטער קאפריז פון א פאציענט, וואס איז א ביסעל היציג... א קלאנג פון דאגען, א וואונק פון דארט און דער פלאץ וואס איז באשטימט פאר רוהיגקייט און ערהאלונג ווערט פארוואנדעלט אין א קאמפס-פלאץ... נאטירליך, באלד געהט דער שטורם איבער. מ'זעהט זיך ארום, די געמיטער בארוהיגען זיך, די מיספארשטענדניסע ווערען ערקלערט, די וואלקען פון חשדים און מיסטרויען פארשווינדען און עס ווערט ווידער דער שעהנער, גליקליכער ווינקעלע, דער שטאלץ פון ארבייטער רינג— דער אזוי פיעל באוואונדערטער א. ר. סאניטאריום.

און אזוי נעהט עס. און רוכט זיך, אזוי ו ע ט עס געהן פאר א צייט נאך צו קומען. אזוי לאנג ווי אונזערע פריינד וועלען נישט ריכטיג פארדייען די פארציע דיסציפלין, וואס איז אונבאדינגט נויטיג אין אזא אינסטיטוציע, און זייער דעמאקראטישען מאגען, און אזוי לאנג ווי אלע פארשיעדענע אלטע פארביטערנישען וועלען נישט פארשווינדען אין די וויסטע מדבריות, אזוי לאנג וועלען זיך טרעפען פון צייט צו צייט אונאנגענעהמע מיספארשטענדניסע, וואס וועלען טאקע פאראורזאכען אונז א היבש ביסעל ענמת נפש, אבער אם וועלען פונדעסטוועגען געבען אימיצען א געלעגענהייט ווי אנצופאלען פון הינטען מיט א בולאווע...

די קאנווענשאן האט עס אלעס אויסגעצייכענט פארשטאנען און האט אויסגעדריקט איהר ווארעמען דאנק צו דער קאמיטע, וואס האט געדארפט דורכמאכען די אלע שטורעמס, און דער פערזאן פון איהר טשערמאן.

מיר הערען, אז אין פילאדעלפיא וועט אין גיכען גערופען ווערען א שטאדטישע קאנפערענץ פון אלע א. ר. ברענטשעס, וואו עס וועלען זיך אויך באטייליגען איינינגע פאציענטען פון סאניטאריום און פארטרעטער פון דער סאניטאריום קאמיטע. דארט וועלען פארגעבראכט ווערען די טענות פון ביידע „צדדים" און די מיספארשטענדניסע וועלען אויסגעגלייכט ווערען. מיר זיינען מודה, אז מיר פארשטעהען נישט דאס מאל די האנדלונג פון דער סאניטאריום קאמיטע, מיט איהר באשלוס צו באטייליגען זיך אין דער פילאדעלפיער קאנפערענץ. צי איז נישט די ענטשיידונג פון דער רעטראיטער קאנווענשאן וועגען דער פראגע גענוג אויטאריטאטיוו? צי דארף מען נאך האבען ארטיגע קאנפערענצען וועגען אזא אלגעמיינער נ א צ י א נ א ל ע ר פראגע? אדער פיליכט וויל די סאניטאריום קאמיטע האנדלען לפנים משורת הדין און זיך צושטעלען צו וועלכען עס איז געריכט פון אונזערע ברענטשעס, ווען אפילו זי פארבייגט א ביסעל איהר כבוד? אזוי צי אזוי, האפען מיר, אז די אזוי פיעל מיסגעברויכטע, מיסרעפרעזענטירטע און מיספארשטאנענע סאניטאריום פראגע וועט ענדליך דאך קלארער ווערען, און אויב אונזערע פריינד אין פילאדעלפיא וועלען איינזעהן זייער טעות, וועט דאס שוין אליין ווערט זיין די הוצאות און די אנשטרענגונגען.

וועט די גענעראל עקזעקוטיווע אויך אזוי האנדלען לפנים משורת הדין אין דער ברוקלינער טעריטאריע-פראגע? מיר ווילען האפען, אז זי וועט עס טאן ווען עס וועט קומען דערצו.

---

יהושע פינקעל:

# דער געזאנג פון ים

(א באלאדע)

א מאל האט פאסירט... א פאעט פון פארצייטען
פארטרוימט ביים ברעג ים איז געגאנגען;
די ווייטקייט פון ים האט זיין זין איהם באצויבערט
און ס'האט איהם א כוואליע געפאנגען.

פון דאמאלס אן ו ו ע ל ל ע ן מיט ריטם דארט רוישען
צום ברעג אויך א גרוס פון איהם שיקען;
דארט ליעב געהאט האבען זיך מיידלעך צו באדען
און מיט זיינע ליעדער זיך קוויקען.

און איינמאל ביים באדען ס'געשטאלט זיינס דערזעהען
און ס'צאפלען די מיידעלשע גליעדער — —
עס זיינען פון מיידלעך באלד וועללען געווארען
און דער ים האט געזונגען די ליעדער...

---

דרייצעהן איז אזא פארשאלטענער נומער, אז וועלכער ציפער עס קומט מיט איהם אין שכנות האט א שווארצען סוף. אט נעמט, למשל, ווילסאנ'ס פערצעהן פונקטען.

* * *

ס'דערציילט, אז דניאל וועבסטער האט געקענט די אמעריקאנער קאנסטיטוציע אויף אויסווענדיג, ווען ער איז נאך געווען כמעט א קינד. היינט פארשטעהען איהר נישט פיעל ערוואקסענע שטאאטסמענער אפילו איבוועניג...

* * *

די ערשטע שיף מיט עסען-פראדוקטען איז שוין אויסגעלעדיגט געווארען פאר אונזערע פארשמאכטע ברידער אין גאליציע, פוילען און רומא. מיר מוזען אנפילען א צווייטע שיף און מעגליך אויך א דריטע...

אויף אייער הלק קומט אויס ארייננעמען עפעס ו ו ע נ י ג ע ר ווי איין נייעם מיטגליעד ביז צו דער צוואנציגסטער קאנווענשאן, כדי צו שאפען די 20 טויזענד נייע מיטגליעדער. אזוי ווי אין א. ר. נעמט מען אבער קיין האלבע מענשען ניט אריין, נאר גאנצע און געזונטע, מוזט איהר ארייננעמען א ם ו ו ע נ י ג ס ט ע נ ס איין נייעם מיטגליעד.

* * *

הונדערט און פופציג פאגראמירטע שטעדט און שטעדטלאך! יע, פוילען, ניט אומזיסט איז דיין פרעמיער א קינסטלער...

* * *

כאטש חניפה פוצט זיך מיט די זעלביגע בליהטען וואס פריינדשאפט, פונדעסטוועגען זיינען זייערע פרוכטען אזוי פארשיעדען, אז מ'קען זיי גרינג דערקענען.

---

פעלדמארשאל, וואס פיהרט איהר אין שלאכט.

# אייבי

(סקיצע פון קינדער־לעבען)

פון דוד ברוין

ס'איז גאר נישט לאנג צוריק, ווי אייבי האט געקראגען די פרייהייט צו מעגען אליין ארויסגעהן פון שטוב. און אייבי נוצט די דאזיגע פרייהייט זעהר גוט אויס — ער געפינט זיך מעהר אין גאס ווי אין הויז. אבער אין גאנצען פריי איז ער היינט אויך נאך נישט. יעדען אין־דער־פריה, ווען ער מאכט הכנות צו לאזען זיך אין גאס אריין, שטעלט די מוטער איהם אפ און פאדערט פון איהם א „ווארט", אז ער וועט נישט אריבערגעהן איבער'ן וועג.

— אנעסט, מא, בלויז אויפ'ן סיידוואק! — פארשפרעכט תמיד אייבי דער מוטער. און די מוטער גלויבט איהם, ווארים זי קען איהר זוהן פאר אן עהרליכען מענשען, פאר א ווארטס־מאן, גיט זי איהם עטליכע געשמאקע קושען, אפט אויך א פעני טאשענגעלד און אייבי געהט לעבען א טאג.

אין גאס בלייבט ער א ווילע שטעהן, נישט־וויסענדיג באלד וואס מען הייבט דא אן צו טאן. ער איז געוואוינט פון פריהער, אז יעדער גאנג אין גאס אריין מוז האבען א באשטימטען ציעל, מוז זיין מיט א געוויסען סדר, א שטייגער: געהן צו דער טאנטע, געהן צום אנקעל, אדער געהן שפאציערען — שפאציערען מיינט אויך נישט געהן סתם אין דער וועלט אריין; מען מוז תמיד גערענקען צו האלטען זיך סטאטעטשנע, זיין נאהענט צום פאפא אדער צו דער מאמע —

באלד אבער דערמאנט ער זיך, אז היינט איז א נייע צייט, היינט מעג ער אליין וואנדערען אין גאט'ס וועלט אריין אהן אן אפטרופוס, אהן א באגלייטער — דאס איבערפילט זיין הערצעל מיט א שטורמיש געפיהל פון פרייד און ער נעהמט פלוצלינג מיט אימפעט לויפען, יאגען, לאכט מיט דעם יונגען טאג און פרעהט זיך מיט דער שיינענדער זון, פרעהט זיך מיט זיין גרויס גליק פון פרייהייט.

ווען דער ערשטער שטורם פון פרייד איז פאראיבער, נעהמט אייבי געלאסען זיך איבערלעגען, ווי אזוי צו פארברענגען זיין צייט און ער געפינט שוין וועגען געגנוג.

ראשית קומט די פעני, וואס זיין מאמע גיט איהם, פאר וועלכער מען מוז עפעס קויפען אין קענדי־סטאר.

א נאשער איז אייבי נישט; די זיסע גוטע זאכען ליעגען איהם אייגענטליך נישט אזוי שטארק אין זינען — דער עיקר אינטערעסירט איהם דער האנדעל. אט קומט ער אריין אין קענדי־סטאר, שטעלט זיך דרייסט אוועק אויף דעם ביינקעל, וואס איז ספעציעל צוגעריכט פאר אזוינע קונים ווי ער איז, קוקט זיך מיט ברייטקייט דורך די פארשיעדענערליי גוטע זאכען אונטער'ן גלאז און — אוי, וואס מען זעהט אלץ דארטען! נישט אזוי לייכט קומט אן צו ענטשיידען וואס צו הייסען געבען זיך. בפרט פאר א מענשען א פיינשמעקער ווי אייבי איז. ענדליך, נאך א לאנגען ישוב הדעת, הייסט ער זיך געבען עפעס. דאס רוב איז ער דערנאך ערשט נישט צופריעדען פון דעם קויף, אבער אינטערעסאנט איז די האנדעלס־געשיכטע שטענדיג!

קייענדיג אדער נאגענדיג דאס, וואס ער האט איינגעהאנדעלט פאר זיין פעני, שטעהט ער דערנאך און באטראכט מיט אינטערעס די רוישענדע קארס, די איילענדע אוטאמאבילס, וואס יאגען פאר איהם פארביי אין מיטען וועג, און איז שטארק מקנא די לייטע וואס פאהרען אין זיי און ער טראכט זיך, אז נאך אלעמען פעהלט איהם נאך א סך צו זיין אמת'דיג פריי, טאקע א שטייגער ווי די מענשען אויף די קארס, אין די אויטאמאבילס, און ער טרייסט זיך מיט דער האפנונג, אז ווען ער וועט ווערען א „גרויסער", וועט ער מסתמא אויך זיין אזוי פריי ווי יענע . . .

---

איין טאג האט אייבי געבראכט מיט זיך אהיים פונ'ם שפאציער א גאסט, א מענש, וועלכער האט פונקט אזוי ווי ער ערשט נישט לאנג צוריק באקומען די פרייהייט צו וואנדערען אליין אויף איין זייט סטריט.

אייבי'ס מוטער, האטש בטבע א גוטע, איז אבער מיט אייבי'ס גאסט זעהר „פארטיקלע", שטארק אויסקלייבעריש. האט זי צוערשט דעם גאסט ארענטליך באטראכט פונ'ם קעפעל ביז די פיסלעך, באטאפט זיין ווייסטעל, זיינע מייטקעלעך, באקוקט זיינע שיכלעך, זיינע זעקעלעך — הפנים דער גאסט האט דעם עקזאמען גוט אויסגעהאלטען, דען זי האט איהם דערנאך א גלעט געטאן איבער'ן קעפעל און אין א זעהר פריינדליכען טאן איהם געפרעגט ווי ער הייסט.

— מיר הייסט דזשייקי — האט יענער מיט זעלבסטבא־וואוסטזיין געענטפערט, קוקענדיג איהר מיט זיכערקייט גלייך אין פנים, א שטייגער ווי ער וואלט זאגען: „אנו, באווייז א קונץ און האב מיך נישט ליעב!"

— דו וועסט מיך לאזען שפיעלען אין דיין הויז? — האט ער איהר באלד אויך געשטעלט א פראגע.

— אה, סוירטענלי וועל איך דיך לאזען שפיעלען — האט זי מיט הערצליכקייט איהם פארזיכערט.

דער גאסט איז פון איהר תשובה גאר ענטציקט געווארען. ער האט שטיפעריש מיט ביידע הענטלעך ארוימגענומען אייבי'ן. אויסדריקענדיג אזוי'ער־נאך זיין גרויסע צופריעדענהייט.

אייבי האט גלאט אנגעקוואלען פון דעם ספעקטאקעל; ער איז געוועזען אין צווייען צופריעדען, אי פון זיין מאמעס פריינדליכקייט, אי פון דעם גאסט, וואס האט ביי איהר אזוי אויסגענומען.

— מא, מיר'ן זיין פרענדס! — האט ער מיט א וויבטיגער מינע איהר מיטגעטיילט.

— זעהר פיין, מיין זוהן! — איז זי אויך געוועזען מרוצה.

און אייבי מיט דזשייקי'ן זיינען געווארען פריינד, אמת'ע פריינד.

ווען מען פרעגט היינט אייבי'ן, וועמען ער גלייכט אלץ, ענטפערט ער אין איין אטעם:

— מיין פאפא און מיין מאמע און דזשייקי'ן.

אייבי'ס מאמע זאגט:

— א זאך בארשט נעהמען זיי נישט איינער פאר דעם צווייטען! — הפנים זי האט הנאה פון זייער פריינדשאפט.

גוט באקאנטע האט אייבי'ן אפילו קיינמאל נישט געפעהלט. אזוי, למשל, העלען פון נעקסט־דאר, א מויד אין זיינע יאהרען — מיט איהר קען זיך אייבי זעהר גוט, ער גלייכט זי נישט. וואָרום? ווייל זי איז א כעסנ'טע, איינס און צוויי דראפעט זי אין פנים און זי בייסט אויך... היינט־זשע ווער מיט אזא איינער „פרענדס"! אייבי האט נאך א גוט־באקאנטען באַ אין זיין הויז, מיט וועלכען ער וואלט גערן געשלאסען פריינדשאפט — וויל וויעדער יענער נישט; יענער געהט שוין אין סקוהל, שטעהט איהם דעריבער נישט אן צו חבר'ען זיך מיט אייבי'ן.

און צווישען די „גרויסע" האט אייבי גאר א מאסע באקאנטע און אלע גלייכען איהם, און א סך פון זיי גלייכט אייבי אויך — אבער ווי קומען זיי אלע צו דזשייקי'ן?

און טאקע, וואס פארשטעהען דען די „גרויסע"? . . . וואס קען מען מיט זיי אנפאנגען? זיי, די „גרויסע", טויגען דאך אין אמת'ען צו גארנישט, א חוץ אפשר צו געבען פענים, דאס אלעס . . .

דערפאר אבער מיט דזשייקי'ן איז א ריינער תענוג! קודם אלס ריכטיגע „פרענדס" האבען זיי צווישען זיך זאכען, וואס מען טאר נישט אויסזאגען; בלויז זיי ביידע ווייסען דאס... און דאס אליין איז דאך שרעקליך שעהן!... דערנאך וויעדער שפיעלט זיך מיט דזשייקי'ן א מחיה! און דער עיקר: מיט איהם האט די פרייהייט עפעס גאר אן אנדערען טעם...

# לעדער,—אמת'ע און נאָכגעמאַכטע

פון עסעף

פיעל כעמיקער ציהען זייער חיונה דערפון, וואָס פאַבריצירטע פּראָדוקטען ווערען אָפט געפעלשט אָדער נאָכגעמאַכט. די כעמיקער אַנאַליזירען די סחורה און געפינען אויס, אויב עס איז דאָס, וואָס דער פאַרקויפער פּרעטענדירט עס צו זיין. איינער פון דיזע אַרטיקלען, וועלכע ווערען היינטיגע צייטען אָפט געפעלשט אָדער אין גאַנצען נאָכגעמאַכט, איז לעדער.

וואָס איז ריכטיגע לעדער? מיט וואָס אונטערשיידט זיך דאָס פון נאָכגעמאַכטע? ווי ווערעןביידע זאָרטען פאַבריצירט? איז טאַקע אמת'ע לעדער בעסער פון נאָכגעמאַכטע?

ראַיעלע לעדער ווערט פּראָדוצירט פון פעל פון בהמות און פון חיות. פעל פאַרוואַנדעלט זיך אין לעדער, ווען מען ווייקט דאָס אַ לענגערע צייט אין גאַרב־שטאָף אָדער טאַנין. דאָס איז אַזאַ כעמישער שטאָף, וואָס געפינט זיך אין דער קאָרע פון טאַנענבוים און פון די דעמבע און אין די קערפּער פון פיעלע אַנדערע פּלאַנצען. אנשטאַט טאַנין קען מען אויך נוצען געוויסע כעמישע זאַלצען אָדער געוועהנליכע אויל און פעטס.

ריכטיג וואָס עס טרעפט זיך ווען די פעל פאַרבייט זיך אין לעדער ווייס מען ניט אויף זיכער. צווישען די כעמיקער איז חוגען דעם דאָ אַ חלוקי דעות. איינינע באַהויפּטען, אַז דער טאַנין פאַרבינדט זיך כעמיש מיט דער פעל און אַז לעדער איז, דעריבער, אַ כעמישע פאַרבינדונג. אַנדערע לייקענען דאָס. זיי ווילען האָבען, אַז די פעל ציהט אין זיך אַריין דעם טאַנין מעכאַניש, אויף דעם זעלבען אופן ווי אַ שוואָם ציהט אין זיך אַריין וואַסער. ווער עס האָט רעכט וועלען, האָפט מען, צוקינפטיגע עקספּערימענטען באַווייזען. דערווייל איז פּראַקטיש די טעאָריע פון פּראָצעס ניט אַזוי וויכטיג, ווי דער פאַקט, אַז דער טאַנין פאַרהיט די פעל פון צופוילט ווערען, מאַכט עס שטאַרק, שטייף און בויגזאַם, אין אַנדערע ווערטער: פאַרוואַנדעלט עס אין לעדער.

די פעל קומט אָן אין גאַרבעריי אין דריי צושטענדע: פריש געשונדענע, געטריקענטע און געזאַלצענע. פרישע, אָדער ווי מען רופט דאָס דאָ, גרינע פעל, קען לאַנג ניט ליגען. עס ווערט שנעל צופוילט, אויב מען רייבט דאָס ניט איין מיט זאַלץ אָדער מען טריקענט דאָס ניט אויס. די פעל ווערט דערמאָלם סאָרטירט נאָך די גרויס פון די שטיקער און נאָכ'ן צוועק צו וואָס זיי ווערען גענוצט. די פעל פון דערוואַקסענע פערד, פון אָקסען, קיה, בופעל־אָקסען א. ד. ג. ווערט גענוצט צו מאַכען לעדער פאַר פּאַדעשוועס, שטאַרקע גאַרטלען און זעהר שטאַרקע לעדער. פון די פעל פון קעלבער, שעפּסען, ציעגען און הירשען מאַכט מען לעדער פאַר די אויבערשטע טיילען פון שיך, אויף צו באַציהען גוטע מעבעל, אויף „איינצובינדען" ביכער און אויך צו מאַכען הענטשקעס, געלד־בייטלען א. ד. ג. ספּעציעלע אַרטיסטישע אַרטיקלען, ווי שעהנע פּרויען־גאַרטלען, טייסטערלעך און אַנדערע ווייבערשע לעדער־אַרטיקלען, ווערען אָפט אויסגעאַרבייט פון דער הויט פון ים־הינט, שלאַנגען, קראָקאָדילען און יאַשטשערקעס.

אין יעדען פאַל ווערט די פעל געווייקט אין וואַסער און נאָכדעם פאַר איינינע טעג אין קאַלך. דאָס מאַכט, אַז די פעטס און האָר זאָל לייכט אַרונטערקומען. מען וואַשט דערנאָך די פעל אין פיעל וואַסער און אָפט אויך אין שוואַכע זויערען (עסידס), ווי פאַרוואַסערטע שוועבעל־זויערע, כדי די פעל זאָל אין גאַנצען פריי ווערען פון קאַלך.

צו מאַכען זעהר ווייכע לעדער ווערט די פעל יעצט געווייקט אין אַ קלייען־וואַנע אָדער אין מיסט פון היהנער. אין די קלייען און אין די מיסט געפינען זיך מיליאָנען אָרגאַניזמען, וועלכע מאַכען, אַז די פעל זאָל יויהרען און אויף אַזאַ אופן ווייך ווערען. דער פּראָצעס פון יויהרען איז עהנליך צום יויהרען אָדער געהרען פון טייג, ווען מ'טוט אין דעם אַריין הייוועז.

די פעל ווערט דאַן פאַרטיג צום גאַרבען. זי ווערט, צוזאַמען מיט'ן טאַנין, אַריינגעלעגט אין גרויסע פעסער אָדער געצעמענטעווטע גריבער אונטער דער פּאָדלאָגע פון גאַרבעריי. די שטיקער פעל ווערען אויסגעלייגט איינע אויף די אַנדערע מיט שיכטען פון די גאַרב־שטאָף צווישען. די פעסער ווערען דאַן אָנגעפילט מיט וואַסער און ווערען צוגעדעקט. דאָס וואַסער לעזט אויף דעם טאַנין און דרינגט דערמיט אַריין אין די צעלען און צווישען די אָרגאַנישע פעדים, פון וואָס די פעל איז געוועבט. דער טאַנין טוט אַ צווייענדע אַרבייט: ער צולאָזט די קלעפּיגע מאַסע, וואָס געפינט זיך צווישען די פעדים און פאַרהיט די פעדים פון צופוילט ווערען. די פעל קען דערפאַר פאַרבלייבען ווייך און ניט קאַליע ווערען.

די פעל ווערט געווייקט אין די גאַרב־שטאָף ביז וואַנען זי ווערט אין גאַנצען דורכגענומען פון דעם טאַנין. דער פּראָצעס קען געדויערען אַזוי לאַנג ווי צוויי יאָהר. דורך דער צייט ווערט די פעל אין די פעסער אָפט איבערגעוואָרפען און טאַנין ווערט פון צייט צו צייט דערשאָטען, אָדער די פעל ווערט פעריאָדיש געביטען פון שוואַכערע צו שטאַרקערע טאַנין־וואַנעס.

אנשטאַט צוויי יאָהר ווערט ביליגע לעדער יעצט געגאַרבט אין 48 שטונדען. דאָס ווערט געטאָן אין צילינדערס, וועלכע האַלטען זיך אין איין דרעהען. דער טאַנין ווערט פריהער אַרויסגעצויגען פון די רויהע מאַטעריאַלען, ווערט אויפגעלעזט אין וואַסער און אויסגעמישט מיט די פעל אין די צילינדערס. די פעל ווערט אויף אַזאַ אופן שנעל דורכגעזאַפּט מיט דעם טאַנין.

דאָס פאַרענדיגען פון די לעדער ווענדעט זיך אָן דעם זאָרט מאַטעריאַל וואָס מען האָט אין זינען אויסצואַרבייטען. צו מאַכען האַרטע לעדער פאַר זוילען, מאַשין־גאַרטלען א. ד. ג., ווערט די פריש געגאַרבטע, אָנגעשוואָלענע פעל לאַנגזאַם געטריקענט און דאַן שטאַרק צוזאַמענגעדריקט. אויב מען וויל באַקומען ווייכע, דינע לעדער פאַר דעם אויבערשטען טייל פון שיך א. ד. ג., ווערט די געגאַרבטע פעל איינגעריבען מיט אויל און פאַרב און דאַן געפּאָלירט. פאַר שוואַרצע לעדער נוצט מען איינפאַכע לאָמפּען־סאַזשע. לעדער ווערט אויך אָפט געשטופּעלט. עס ווערט איינפאַך געוועלגערט מיט אַ געשטופּעלטען וואַלגער־האָלץ, אָדער עס ווערט דורכגעקוועטשט דורך געשטופּעלטע שטאָהלענע וואַלצען.

דינע לעדער ווערט היינטיגע צייטען אָפט געמאַכט פון דיקע פעל. עס זיינען דאָ מאַשינען, וואָס קענען צושפּאַלטען אַ דיקע פעל אויף 4, און מאַנכע מאָל אויף 5, בלעטער, וועלכע האָבען בכח פאַנאַנדערצושפּאַלטען מיט אַ געוועהנליכען מעסער אַ פעל פון אַ קוה אויף 9 דינע בלעטער. דאָס הייסט, אַז פון איין איינצעלנע קוה קענען די „צעפּינע טייוואָלים" אַרונטערשינדען 9 הויטען.

פאַרשיעדענע מאַטעריאַלען ווערען גענוצט צו גאַרבען פעל. זיי ווערען געוועהנליך געטיילט אין דריי קלאַסען:

אייל און פעטס, פּלאַנצען־טאַנין און זאַלצען. מיר וועלען אין נעקסטען נומער באַטראַכטען גענויער די מאַטעריאַלען און ווי אַזוי זיי ווערען גענוצט.

---

די דיפּלאָמאַטען האָבען געוואָלט מיט זייערע זיידענע ווייסע הענדשקעס פאַרדעקען די רויטע בלוטפלעקען פון די פוילישע פּאָגראָמען. זיי זיינען אָבער דורכזיכטיג... (נאָך גאָלדשטיינ'ען).

אויב זשול ווערנ'ס נביאות ווערט שוין יעצט מעהר ווי מקוים, פאַרוואָס איז דען אונמעגליך, אז בעלאַמי'ס זאָל אויך באַלד ווערען ווירקליכקייט?




# דער קאמף געגען וועגערישע קראנקהייטען

פון דר. א. ד. קעמפבעל

איינע פון די אויפגאבען פון דער „פובליק העלטה סירוויס" פון דער אמעריקאנער רעגיערונג איז צו באקאנען דעם עולם מיט דער סכנה פאר דער באפעלקערונג, וואס קומט פון גע־שלעכט־קראנקהייטען.

א סך טוען אויף אין דעם פרט די טעגליכע צייטונגען און אנדערע פעריאדישע אויסגאבען. זיי געבען געוועהנליך א סך פלאץ פאר די ידיעות, וואס די רעגיערונג זאמעלט וועגען דער פארשפרייטונג פון די דאזיגע קראנקהייטען און וועגען די מיט־לען, וואס ווערען אנגענומען אין פארשיעדענע שטעדט און שטאאטען צו באקעמפען זיי.

דער פועל־יוצא פון דעם קאמף איז, אז די באפעלקערונג לערנט זיך אויס ביסלעכווייז צו זיין מעהר פארזיכטיג בנוגע די אנשטעקענדע קראנקהייטען בכלל און וועגערישע קראנקהיי־טען בפרט. אין אלע שטאאטען, אויסער פיער — איידאהא, מיזורי, פענסינווייניא און טענעסי — מוזען יעצט די דאקטוי־רים לאזען וויסען די לאקאלע העלטה־דעפארטמענטס וועגען אלע פעלע פון וועגערישע קראנקהייטען, וואס זיי באהאנדלען. אין זעקס שטאאטען, — קאלאראדא, אינדיאנא, מאסאטשוזעטס, ניו דזשוירזי, אהייא און ווערמאנט, — מוזען די דאקטוירים אין זייערע באריכטען אנגעבען די נעמען פון זייערע פאציענ־טען, וועלכע ליידען פון געשלעכטס־קראנקהייטען. דער גע־וועהנליכער וועג איז צו באריכטען בלויז דורך א באשטימטען נומער (סיריעל נאמבער), סיידען דער חולה הערט זיך אויף צו היילען איידער זיין קראנקהייט האט אויפגעהערט צו זיין אנ־שטעקענד, אדער ער גיט ניט גענוג אכטונג אז אנדערע מענשען זאלען זיך פון איהם ניט אנשטעקען. אכט און דרייסיג שטאא־טען פאדערען, אז דאקטוירים זאלען באריכטען וועגען אזעלכע קראנקע דורך א נומער, אדער מיט די פולע נעמען אונטער גע־וויסע אומשטענדען. אין דריי שטאאטען זיינען די געזעצען צו האלטען מענשען, וועלכע זיינען אנגעשטעקט מיט וועגערישע קראנקהייטען א געוויסע צייט אונטער א קאראנטין (אפגעזונ־דערט פון געזונטע). דרייצעהן שטאאטען האבען איינגעפיהרט אין זייערע געזונד־דעפארטמענטס ספּעציעלע ביוראס, אדער אפּטיילונגען פאר וועגערישע קראנקהייטען. אין די איבעריגע שטאאטען ווערט די נויטיגע ארבייט אין דעם פרט געטאן פון די אפּטיילונגען, וואס גיבען זיך אפּ מיט אנשטעקענדע קראנק־הייטען בכלל.

אויסער דעם ריין וויסענשאפטליכען קאמף געגען די ווע־נערישע קראנקהייטען באמערקט זיך א בעסערע האלטונג פון דער באפעלקערונג אין אלגעמיין צו דער סכנה. די רעגיערונג זעהט, אז די געזעצען געגען פּראסטיטוציאן זאלען אפּגעהיט ווערען אומעטום. אין פינף און דרייסיג שטאאטען ווער[...] יעצט אויסגעארבייט ספּעציעלע געזעצען געגען פּראסטיטוצי[...] אין אלענטאון, פּא., האט דער מעיאר פון שטאדט ארויסגעגעב[...] א באפעהל, אז אלע פּערזאנען, וועלכע ווערען געפונען שולדי[...] אין געשלעכטס־פארברעכענס, זאלען אפּגעשיקט ווערען פא[...] באהאנדלונג אין קליניקען. די יעניגע, וועלכע זאגען זיך א[...] פון אזא באהאנדלונג, זאלען געשטעלט ווערען אונטער א קא[...] ראנטין און זייערע הייזער זאלען באצייכענט ווערען מיט פּלא[...] קארדען אלס אנשטעקענד. אין דע־מאין, אייאווא, ווערט א[...] גיבען דורכגעפיהרט ווערען א געזעץ, אז מען זאל ארעסטיר[...] יעדע פּערזאן, געגען וועמען עס איז דא א חשד אז ער לייד[...] פון וועגערישע קראנקהייטען. דזשעקסאנוויל, פלארידא, הא[...] איינגעפיהרט פרייע קליניקען פאר ווייסע און שווארצע פּע[...] זאנען, וועלכע ליידען פון אזעלכע קראנקהייטען. אין ניופּאר[...] ניוס, ווירדזשיניא, ווערען פרויען מיט וועגערישע קראנקהייט[...] געהאלטען אויף א פארם אפּגעזונדערט פון דער באפעלקערו[...] און זיי ווערען דארטען באהאנדעלט פון דאקטוירים.

אין אלע גרעסערע שטעדט איבער'ן לאנד און אין פיעל[...] קלענערע שטעדט זיינען שוין מעהר ניטא קיין „רעד־לייט[...] געגענדען. זיי זיינען אפּגעריינִיגט געווארען אונטער דעם איי[...] פלוס פון דער אויפגעקלערטער באפעלקערונג.

די רעגיערונג האט אויך אנגעפאנגען א קאמף געגען ווענ[...] רישע קראנקהייטען אין די גרויסע אינדוסטריעלע אנשטאלט[...] אין דעם גאנצען סטייט ניו יארק זיינען דא גור א טוצען אי[...] דוסטריעלע אנשטאלטען, וואו די ארבייטער געפינען זיך אונטע[...] דער אויפזיכט פון דאקטוירים. עס איז די פליכט פון דער ר[...] גיערונג צו זעהן, אז אלע ארבייטער זאלען באזארגט ווערען מי[...] מעדיצינישער הילף. דאס וואלט געמאכט זייער ארבייט פי[...] מעהר פּראדוקטיוו ווי זי איז יעצט.

**פון דער רעדאקציע:** באטראכטענדיג אין אלגעמי[...] די פארזיכטס־מיטלען, וואס די פארשיעדענע רעגיערונגס־דעפּארטמענ[...] פון געזונט נעמען יעצט אן צו באקעמפען די וועגערישע קראנקהי[...] טען אלס אויסערגעוועהנליך וויכטיג, קענען מיר פונדעסטוועגען ני[...] אהן פּראטעסט אדורכגעהן אזעלכע „מיטלען" ווי די, וואס ווער[...] אנגענומען אין דע־מאין, אייאווא, צו ארעסטירען יעדען מענשען א[...] וועלכען עס פאלט נאר א פּאדאכט, אז ער האט א וועגעריש[...] קראנקהייט. מיר קענען זיך לייכט פארשטעלען צו וואס פאר א פּ[...] ליצײ־ווילקיר דאס קען ברענגען. אין אלגעמיין אבער איז שו[...] לאנג צייט געווען פאר דער רעגיערונג און פאר דער גאנצען געזע[...] צו טאן עפּעס פאר דער ווירקליך גרויסער סכנה פאר'ן לאנד.

# די אידישע קאאפעראטיווע פעדעראציע

פון אהרן סטאלינסקי

די ערשטע אידישע קאאפעראטיווע קאנפערענץ, וואס איז אפגעהאלטען געווארען ענדע יאנואר, 1918, אין ניו יארק, האט איינשטימיג אנגענומען א באשלוס צו גרינדען א פארבאנד פון אלע אידישע קאאפעראטיוועז, אונטער דעם נאמען: „פעדעראציע פון אידישע קאאפעראטיוועז אין אמעריקא", מיט פאלגענדע הויפט אויפגאבען:

צו קליבען סטאטיסטיקס פון אלע קאאפעראטיוועז בכלל און אידישע בפרט; צו שטעהן אין נאהענטער פארבינדונג מיט אלע קאאפעראטיוועז, בפרט מיט די אנגעשלאסענע; געבען אלע נויטיגע אינפארמאציעס צו יעדען, וואס וועט זיך נאר ווענדען; העלפען די אידישע קאאפעראטיוועז מיט ראט און מאט; שיקען רעדנער, לעקטשורערס, וואו מען וועט נאר פארלאנגען; ארויסלאזען פאמפלעטס, בראשורען און ביכער אין אידיש איבער קאאפעראציע; אנשטעלען אן ארגאניזער, וועלכער זאל געשיקט ווערען איבער'ן גאנצען לאנד; שטעהן אין נאהענטער פארבינדונג מיט דער אידישער פרעסע און איהר שטענדיג אינפארמירען וועגען אלע נייע פאסירונגען אין דער קאאפעראטיווער וועלט; ארויסגעבען א פעריאדישען זשורנאל איבער קאאפעראציע אין אידיש; קומען אין נאהענטער פארבינדונג מיט אזעלכע ארגאניזאציעס, וועלכע שטעהען נאהענט צו דער קאאפעראטיווער באוועגונג, ווי, למשל, דער ארבייטער רינג, די טרייד יוניאנס, סאציאליסטישע ברענטשעס, און אויך זעהן, אז זיי זאלען אין אנפאנג העלפען פינאנסירען די קאאפעראטיווע פראפאגאנדא פון דער פעדעראציע. מיט איין ווארט: קומען אין נאהענטער באריהרונג מיט דער גאנצער אידישער ארבייטער־באוועגונג, מיט איהר צוזאמען ארבייטען — ווערען א טייל פון איהר.

אין דער עקזעקוטיוו זיינען ערוועהלט געווארען די בעסטע אידישע קאאפעראטארס און אין משך פון עטליכע מאנאטען צייט איז דער עקזעקוטיוו געלונגען זיך צו פארבינדען מיט כמעט אלע אידישע קאאפעראציעס פון די פאראייניגטע שטאאטען און קאנאדע. דורך דיזער צייט האט די קאאפעראטיווע פעדעראציע אויך ארויסגעגעבען דעם ערשטען נומער פון איהר זשורנאל „די קאאפעראטיווע וועלט".

די צווייטע אידישע קאאפעראטיווע קאנווענשאן איז פארגעקומען ענדע יוני, 1918, אין פעטערסאן, ניו דזשוירזי. עס זיינען געווען פארטראטען 22 אידישע קאאפעראציעס, דורך 45 דעלעגאטען. אין דיזער קאנווענשאן האבען אנטייל גענומען פאלגענדע צענטראלע קערפערשאפטען אלס פריינדליכע ארגאניזאציעס, און וועלכע זיינען פון איצט אנגעשלאסען אלס מיטגליעדער פון דער קאאפעראטיווער פעדעראציע: ארבייטער רינג, אידישע סאציאליסטישע פעדעראציע, ווערקמען'ס סירקל, אינדעפענדענט ארבייטער רינג און דער אידישער נאציאנאלער ארבייטער פארבאנד. פועלע אידישע קאאפעראציעס האבען געשיקט רעזאלוציעס, דאס זיי וואלטען זיך אינטער אלע באשליסען, וועלכע די קאנווענשאן וועט נאר אננעהמען. פון כמעט אלע באריכטע האט זיך געהערט אין הילפס־געשריי: לעגט צו א האנד די אונזער שווערער און נויטווענדיגער ארבייט!

די אמת'ע ארבייט פון דער פעדעראציע האט זיך ערשט אנגעהויבען נאך דער צווייטער קאנווענשאן. איהר ערשטע ארבייט איז געווען צו ווירקען אויף אינזער ראדיקאלער פרעסע, אז זי זאל מעהר אויפמערקזאמקייט שענקען דער קאאפעראטיווער באוועגונג. זי האט ארויסגעלאזען צוויי קליינע בראשורען און עטליכע אויפרופען איבער קאאפעראציע, און זי האט אויך אנגעהויבען ארויסגעבען רעגעלמעסיג איהר דריי־מאנאטליכען זשורנאל, וועלכער האט אין גיכען ערגרייכט צו א זעקס טויזענדיגער צירקולאציע.

די קאאפעראטיווע פעדעראציע האט אנגעהויבען צו קריגען אנפראגען פון אלע שטעדט און שטעדטלאך. דא האט מען געברענגט, ווי אזוי צו עפענען א גראסערי כמאר, אויף אן אנדער פלאץ א בעקעריי, א שוה־סטאר, אדער וועגען רעדנער, ליטעראטור, א. ד. גל. עס האט זיך אנגעהויבען די אמת פראקטישע ארבייט פון אויסארבייטען קאנסטיטוציעס פאר נייע געזעלשאפטען, אינקארפארירען, א סיסטעם פון קאנטראל א. ד. גל.

האט זיך די פעדעראציע געווענדעט מיט אן אויפרוף צו אלע ראדיקאלע אידישע ארגאניזאציעס, אז זיי זאלען איהר באהילפיג זיין אין איהר שווערער און נויטווענדיגער ארבייט. דער אויפרוף האט געהאט א גוטע ווירקונג און פריינדליכע ארגאניזאציעס האבען זיך אנגעהויבען אנצושליסען אין דער פעדעראציע. ביז איצט האבען זיך שוין אנגעשלאסען אן ערך 45 ארבייטער רינג ברענטשעס פון איבער'ן גאנצען לאנד, עטליכע גרעס ער אידישע יוניאנס, און איניגע צענטראלע קערפערשאפטען. דורך די מיטגלידער'ס בייטרעגע העלפען די פריינדליכע (פראטווירנאל) ארגאניזאציעס זעהר א סך מיט דער פעדעראציע. עס איז צו ערווארטען, אז גאר אין גיכען וועלען אלע גרעסערע אידישע ארגאניזאציעס זיין אנגעשלאסען אן דער קאאפעראטיווער פעדעראציע. מען דארף אין זינען האבען, אז די קאאפעראטיווע פעדעראציע מוז געשטיצט ווערען אזוי לאנג, ביז וואנען די לאקאלע קאאפעראטיווע געזעלשאפטען וועלען זיין אימשטאנד אליין אויסצוהאלטען זייער צענטראלען אפאראט.

לויט דער נייער קאנסטיטוציע קען אן ארבייטער רינג ברענטש זיין אנגעשלאסען אן דער קאאפעראטיווער פעדעראציע מיט 3 דאלאר א יאהר דוס, אדער העכער, נאך די מעגליכקייטען; א צענטראלע קערפערשאפט פון 10 דאלאר אן.

היינט־צו־טאג זיינען שוין פאראן אן ערך 50 אידישע קאאפעראטיווע געזעלשאפטען, און איבער צוויי־דריטעל זיינען שוין אנגעשלאסען אן דער קאאפעראטיווער פעדעראציע. אויב מען דארף קוקען מיט א פארדאכט אויף אן איזאלירטע טרייד יוניאן, דארף מען אבער אויף אן צפגעזונדערטען קאאפעראטיוו — גאר ניט קוקען... עס זיינען ניט פאראן קיינע שום אורזאכען, פאר וואס א קאאפעראטיווע געזעלשאפט זאל ניט באלאנגען צו דער פעדעראציע; און אויב עס געפינען זיך אזעלכע געזעלשאפטען, דאן זיינען זיי פשוט ניט ראוי צו טראגען דעם נאמען קאאפעראטיוו. אבער אין דער אמת'ען איז גאר איבריג וועגען דעם צו שרייבען. ווארים א „קאאפעראטיווע" געזעלשאפט, וואס שליסט זיך איצט ניט אן אן דער קאאפעראטיווער פעדעראציע, האט קיינע שום אויסזיכטען לאנג צו עקזיסטירען, און שרייבט דערמיט אליין אונטער איהר טויט־אורטייל.

דאס רוב אידישע קאאפעראציעס האבען זיך אלין נאך ניט אנטוויקעלט אויף א פעסטען פינאנציעלען באדען, זייער געזעלשאפטליכע און גייסטיגע זייט האט זיך נאך ניט גענוג אנטוויקעלט, קריסטאליזירט. און דאס איז אייגענטליך די הויפט ארבייט, וואס די קאאפעראטיווע פעדעראציע האט זיך אונטערגענומען דורכצופיהרען. די ארבייט אוועקצושטעלען אונזערע קאאפעראציעס אויף א מעהר קאאפעראטיווען באזיס און אויף א געזונטערמען געזעלשאפטליכען פונדאמענט, איז ניט אזוי לייכט, ווי ס'קען זיך אויסדוכטען. מען דארף אין זינען האבען, אז דאס רוב אידישע קאאפעראציעס זיינען ביי אונז אויפגעוואקסען ספאנטאן, כמעט איבער נאכט, אהן וועלכע ניט איז טראדיציעס, אהן וועלכער ניט איז ליטעראטור, ווי אזוי א קאאפעראציע דארף געגרינדעט און פארוואלטעט ווערען. די גרעסטע טייל פון אונזער ארבייט איז אייגענטליך פיאנירען ארבייט: מען לערענט זיך ווי אזוי צו קאאפערירען. און פיאנערען מוזען מאכען פעהלערען.

א דאנק דער פעדעראציע איז דער סענטימענט פאר קאאפעראציע שטארק אנגעהויבען צו שטייגען צווישען די אידישע ארבייטערמאסען. פון איבעראל קומען פרעהליכע באריכטען פון נייגעגרינדעטע געזעלשאפטען. איבער 30 נייע אידישע קאאפעראטיווע געזעלשאפטען האלטען זיך איצט אין גרינדען. די קאאפעראטיווע פעדעראציע איז איצט פארווארפען מיט ארבייט. און וואלט זי איצט געהאט א ביסעל גרעסערע געלד־מיטלען, אדער פשוט'ער גערעדט, מעהר הכנסות, וואלט זי געקענט איהר טעטיגקייט פארדאפלען. און די קאאפעראטיווע באוועגונג וואלט במילא געמאכט א פויל שנעלערע פראגרעס. אלע אידישע ראדיקאלע ארגאניזאציעס מוזען גלייך צולייגען א האנד צו דיזער וויכטיגער ארבייט.

מיט דער קאאפעראטיווער פעדעראציע איז באשאפען געווארען דער קאאפעראטיווער אפאראט, און עס איז דער חוב פון די אידישע ארבייטער מיטצוהעלפען, אז דער אפאראט זאל ארבייטען וואס בעסער.

די לעצטע צוויי טעג אין אויגוסט און אין דעם ערשטען סעפטעמבער וועט פארקומען אין בראנזוויל (ניו יארק) די דריטע קאאפעראטיווע קאנווענשאן. זעהר וויכטיגע טאגעס־פראגען וועלען דארטען פארהאנדעלט ווערען. מיר זיינען איבערציוגט, אז די דאזיגע קאנווענשאן וועט איבערשטייגען אין אלע הינזיכטען די פריהערדיגע. די פעדעראציע האט, אז באלד נאך דער דריטער קאנווענשאן וועט זי האבען א מעגליכקייט אנצושטעלען א פאסיגען ארגאניזער, און וועלכען מיר נויטיגען זיך אזוי שטארק, פארשפרייטען מעהר קאאפעראטיווע ליטעראטור, און אויך ארויסגעבען מאנאטליך איהר זשורנאל „די קאאפעראטיווע וועלט", וועלכער האט דעם גרעסטען אפזאץ ביי די ארבייטער רינג ברענטשעס.

---

דער פראקטבט מיטינג געגען די פוילישע פאגראמען אין מעדיסאן סקווער גארדען איז געווען מעהר ווי א פראטעסט פון פופציהן טויזענד אידען — עס איז געווען א גוואלד־געשריי פון א גאנצען פאלק.

ניט אומזיסט האט זיך אזוי אויסגעלאזען מיט ווילסאנ'ס פערצעהן פונקטען — זיי זיינען געווען שכנים מיט דעם אומגליקליכען טיוועל'ס מויל...

# מיטינגען פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע פון אַרבייטער רינג

דער רעגולער מאָנאַטליכער מיטינג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע פון אַ. ר. ווערט אָפּגעהאַלטען מיטוואָך אבענד, דעם 2טען יולי, מיט פר. אב. עפּשטיין אַלס טשערמאַן.

### צושריפטען

פון בר. 74 — דריקען אויס אַ פּראָטעסט געגען דער פריהעריגער נאַצ. עקזעקוטיוו פאַר ניט שיקען פריהער צו אַ רעפערענדום די פראַגע וועגען העכערען די הוצאות פאַר די דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאַן צו $8.50 אַ פּערזאָן. זיי מאָטיווירען, אַז דיזער רעפערענדום האָט געדאַרפט אַרויסגעשיקט ווערען פאַר דער קאָנווענשאַן, ניט נאָך דער קאָנווענשאַן, ווען דאָס געלד איז שוין צו די דעלעגאַטען אויסגעצאָהלט געוואָרען. — עס ווערט באַשלאָסען זיי צו ענטפערן, אַז די פראַגע וועגען העכערען די הוצאות פון די דעלעגאַטען ווערט געוועהנליך פאַרהאַנדעלט ביי דער קאָנווענשאַן, ניט ביי דער עקזעק., פאָלגליך איז דער פּראָטעסט פון בר. 74 געגען דער פריהערדיגער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו ניט קיין באַרעכטיגטער און ניט אַם פּלאַץ.

### קאָמיטעס

פון יונייטעד שוח וואָירקערס יוניאָן, ניו יאָרק — בעטען, אַז מען זאָל אויסצאָהלען פאַר זיי די סומע וואָס די לעצטע קאָנווענשאַן האָט באַשטימט פאַר זייער סטרייק, ניט וואַרטענדיג ביז ס'וועט געשלאָסען ווערען דער רעפערענדום. — באַשלאָסען באַוויליגען זייער פאַרלאַנג.

פון וויניפעג סטרייק קאָמיטע — זייער פאַרטרעטער בעט אַרויסצושיקען אַן אַפּיעל צו אונזערע ברענטשעס צו שטיצען פינאַנציעל זייער דעפענס פאָנד, אום צו קענען פאַרטיידיגען אַלע, וועלכע זיינען אַרעסטירט געוואָרען אין צייט פון סטרייק. — באַשלאָסען צו באַוויליגען זייער פאַרלאַנג.

פון בר. 50 — פריינדע קראוז און וועבער באַקלאַגען זיך, אַז זיי האָבען שוועריגקייטען אַריינגענומען צו ווערען אין די יוניאָנס פון די טריידס, ביי וועלכע זיי אַרבייטען. (דער ערשטער איז אַ שילדרען שוח וואָירקער, דער צווייטער איז אַ סיגאַרעט מייקער.) זיי בעטען, אַז די נאַצ. עקזעקוטיוו זאָל טאָן עטוואָס פאַר זיי אין דער אנגעלעגענהייט. — עס ווערט באַשלאָסען צו ווענדען זיך שריפטליך צו דיזע יוניאָנס, ווי אויך צו די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען און זיי בעטען צו זעהן, אַז די באַטרעפענדע מיטגליעדער זאָלען אין די יוניאָנס אַריינגענומען ווערען.

פריינדע ראָטהשטיין פון בר. 4, זוסמאַן און זאַקהיים פון בר. 8, ערקלערען, אַז זיי פאַרטרעטען אַ קאָנפערענץ פון ברוקלינער ברענטשעס, וועלכע פאַרלאַנגט צו ביוויליגען פאַר ברוקלין אַ באַזונדערע טעריטאָריעלע קאָנפערענץ צו ערוועהלען דעלעגאַטען צו דער קומענדער קאָנווענשאַן פון אַ. ר. — זיי זאָגען, אַז דער פאַרלאַנג דאַרף באַוויליגט ווערען, כדי צו שליכטען די צוויסטיגקייטען צווישען די ברענטשעס און געבען אַ מעגליכקייט די אַקטיווע און איבערגעבענע טוער פון דיזע ברענטשעס צו קענען אָנגעהן מיט דער אַרבייט פון די צוויי קאַמפּיינס וואָס דער אַרבייטער רינג פיהרט אָן. — עס ווערט באַשלאָסען איבערצוגעבען די פראַגע צו דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע צו האַנדלען וועגען דעם, ווען עס וועט קומען די צייט אויסצואַרבייטען די טעריטאָריעלע קאָנפערענצען.

### באַריכט פון רעליעף קאָמיטע

פר. קלופּט באַריכטעט, אַז די רעליעף קאָמיטע האָט אָפּגעהאַלטען אַ מיטינג און זיך קאָנסטיטואירט. ער (קלופּט) איז ערוועהלט געוואָרען אַלס טשערמאַן און פר. גאַלינסקי אַלס סעקרעטער. ביי זייער ערשטען מיטינג איז באַשטימט געוואָרען צו רעקאָמענדירען צו דער נאַצ. קזעקוטיווע:

1) אויפצופאָדערען אַלע ברענטשעס, אַז זיי זאָלען זיך פאַרפליכטען צו שאַפען צו דאָלאַר פער מעמבער. די אַרט און ווייזע ווי די סומע זאָל געשאַפען ווערען בלייבט פאַר די ברענטשעס אַליין צו באַשטימען.

2) צו אָרגאַנזירען קאָנפערענצען, אומעטום וואו ס'וועט זיין נויטיג, אום צו גרינדען ספּעציעלע אַ. ר. רעליעף קאָמיטעס.

3) אַז ביי די סיטי און דיסטריקט אָרגאַניזאַציאָנס קאָנפערענצען זאָל אויך גערעדט ווערען וועגען דעם 50 טויזענד דאָלאַר פאָנד פאַר די אידישע מלחמה קרבנות. אין די פּלעצער, וואו ס'איז מעגליך, זאָלען ביי דיזע קאָנפערענצען ערוועהלט ווערען ספּעציעלע רעליעף קאָמיטעס.

4) צו באַאויפטראַגען די מיטגליעדער פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו צו ריידען וועגען רעליעף ביי יעדער געלעגענהייט, וואו זיי וועט אויסקומען צו זיין אַלס אָפיציעלע פאַרטרעטער.

באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

### באַריכט פון דער ליעגעל קאָמיטע

פריינד ישורון, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז זיי האָבען געהאַט אַ באַראַטונג מיט אונזער לעגאַל אַדוויזער און זיי געהען זוייטען אָן מיט דער אַרבייט פון לעגאַליזירען דעם אַ. ר. אין די איבריגע סטייטס. — באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

### סעקרעטער'ס רעפּאָרט

פריינד באַסקין, דזשענעראַל סעקרעטער, באַריכטעט, אַז מיר האָבען אין וואָלט באָנדס אויף 835,000 דאָלאַר. אויך האָבען מיר מאָרטגוידזשער פון דער טייטעל גאַראַנטי קאָמפּאַניע אויף 42,500 דאָלאַר.

דער קראַנקען בענעפיט פאָנד איז אַ דאַנק דער לעצטער עפּידעמיע פיעל פאַרקלענערט געוואָרען: צום 1טען יוני 1918 האָט דער פאָנד געהאַט אַ סורפּלוס פון $62,733.85, צום 1טען יוני 1919 איז דער סורפּלוס רעדוצירט געוואָרען צו $25,675.99.

דער סאַניטאַריום בילדינג פאָנד האָט אַ סורפּלוס פון איבער 28,000 דאָלאַר. דערסאַניטאַריום אויפהאַלטונגס פאָנד האָט אָבער אַ דעפיציט פון אַרום 7,000 דאָלאַר. אַזוי־ווי דער סורפּלוס פון איין פאָנד קען דעקען דעם דעפיציט פון אַנדערען פאָנד, הייסט עס, אַז ביידע פאָנדס האָבען אַ סורפּלוס פון אַרום 16,000 דאָלאַר.

דער קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט פאָנד האָט אַ סורפּלוס פון אַרום 46,000 דאָלאַר. נאָר אַזוי־ווי מען צאָהלט איצט 200 דאָלאַר קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט, אנשטאָט 100 דאָלאַר, ווי פריהער, וועט דער סורפּלוס ענדע יאָהר, וואַרשיינליך, זיין קלענער. דער פאָנד איז אָבער בכלל שטאַרק גענוג.

די קאָנווענשאַן קאָמיטע פון דעטראָיט ערקלערט, אַז זיי האָבען אַ גרויסען דעפיציט און זיי בעטען צו העלפען דעקען דיזען דעפיציט זייערען.

דער קאָנסטיטושאַן פאָנד האָט אַ סורפּלוס פון אַרום 6,000 דאָלאַר.

דער אַדמיניסטריישאַן פאָנד האָט צום 1ען יוני געהאַט אַ סורפּלוס פון $5,480.81.

ער דייטען אָן, אַז לויט אונזערע רעקאָרדס האָבען מיר נאָך אַרום 1600 מעמבערס אין דער אַרמעע. ער דענקט, אַז אויב אַ גרעסערע צאָהל מיטגליעדער וועלען זיך קירצליך אומקעהרען פון דער אַרמעע, וועט, פיליכט, מעגליך זיין ביי'ם קומענדען קוואָרטאַל צו פאַרקלענערען דעם אַסעסמענט אויף צו דעקען די דיוס פון די געדרעפטעטע פון 10 אויף 5 סענט.

פאַר'ן רעליעף פאָנד קומט כסדר אַריין געלד אין אָפיס. אַזוי, צום ביישפּיעל, האָט דער ברענטש פון סאַוואַנאַח, דזשיאָרדזשיא, — אַ פאַרהעלטניסמעסיג קליינער ברענטש, — אַריינגעשיקט צוויי הונדערט און עטליכע זעכציג דאָלאַר.

פריינד באַסקין ערקלערט, אַז אין פיעלע שטעדט זיינען די אַ. ר. ברענטשעס, סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס געווען די איניציאַטאָרן צו אָרגאַניזירען פּראָטעסטען און דעמאָנסטראַציעס געגען די פּוילישע פּאָגראָמען.

אונזער עקטשוערי, מר. עלדרידזש, האָט געלאָזט וויסען, אַז דער וואַליואַיישאָן פון אַ. ר. איז 101.5.

אויפ'ן גרונד פון נייעם וואַליואַיישאַן ווערען געמאַכט אַפּליקיישאָנס פאַר נייע טשאַרטערס אין נאָך אייניגע סטייטס.

ער מאַכט אויפמערקזאַם, אַז דעם 15טען יוני שליסט זיך דער קאָנווענשאַן רעפערענדום און די עקזעקוטיוו דאַרף ערוועהלען אַ קאָמיטע צו צעהלען די באַלאָטס.

---

עס ווערט באַשלאָסען צו באַוויליגען 500 דאָלאַר פאַר דער דעטראָיט קאָנווענשאַן קאָמיטע, און דעם סעקרעטער'ס רעפּאָרט ווערט גוט געהייסען.

### רעפּאָרט פון דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע

פריינד א. דינערשטיין, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט אַז די ניי־ערוועהלטע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע איז אינסטאַלירט געוואָרען מאָנטאַג אבענד, דעם 5טען יוני.

ער (דינערשטיין) איז ערוועהלט געוואָרען אַלס טשערמאַן. פר. א. עבעריל איז ערוועהלט געוואָרען אַלס וויים טשערמאַן.

ער ערקלערט, אַז די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט אויסגעאַרבייט פּלענער פאַר דעם קאַמפּיין פון 20 טויזענד מעמבערס ביז דער נעקסטער קאָנווענשאַן. פאַר דיזען צוועק וועט אויסגענוצט ווערען די טעגליכע און וועכענטליכע סאָציאַליסטישע און טרייד יוניאָניסטישע פּרעסע. די ברענטשעס, די סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס, ווי אויך די גאַנצע מיטגליעדערשאַפט וועט אויפגעפאָדערט ווערען צו נעהמען אַן אַקטיווען אנטייל אין דיזען קאַמפּיין. אין דער אַרבייט פון דעם מעמבערשיפ קאַמפּיין וועלען צוגעצויגען ווערען מיטגליעדער פון אונזערע דעפּאַרטמענטס פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע, ווי אויך אַנדערע טוער פון אַרבייטער רינג.

עס איז באַשטימט געוואָרען, אַז יעדער מיטגליעד, וואָס וועט פאַרשלאָגען 5 נייע מעמבערס, זאָל פּרעזענטירט ווערן מיט אַ סעט ביכער,

ארויסגעגעבען פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע. יעדער מיטגליעד, וואס וועט פיהרען 10 קאנדידאטען צום דאקטאר, זאל אויך קריגען אזא סעט ביכער.

אין תארטפארד איז פארגעקומען א מיספארשטענדניס צווישען איניגע ברענטשעס און דער ארטיגער סיטי קאמיטע. א געמיינשאפטליכער מיטינג איז גערופען געווארען פון די ברענטשעס, און ער (דינערשטיין) איז דארט געווען פארטראטען. די הויפט טענה איז געווען, דאס די וואהלען פאר דעם דעלעגאט צו דער קאנווענשאן אין דעטראיט זיינען ניט געווען קיין געזעצליכע. ער האט זיי אנגעצייגט, אז לויט די שריפטליכע באווייזע, וואס זיינען צוגעשטעלט געווארען צו דער נאציאנאלער גריווענס קאמיטע אין פארבינדונג מיט דער וואהל פאר דעם דעלעגאט, האט דער דזשענעראל אפיס, ווי אויך די נאציאנאלע גריווענס קאמיטע, ניט געהאט קיין גרונד צו האנדלען אנדערש, ווי צו אנערקענען דער דעלעגאט, וועלכער איז ביי דער קאנווענשאן געווען פארטראטען. די נאציאנאלע ארגאניזאציאנס קאמיטע גלויבט, אז א דאנק דיזען געמיינשאפטליכען מיטינג איז דער סכסוך דארט געשליכטעט געווארען.

פריינד עפשטיין איז געווען פארטראטען ביי דעם 10טען יעהרליכען יובילעאום פון דעם גריגארי גערשוני ברענטש אין פילאדעלפיא. דאס איז געווען זעהר א שעהנער יום־טוב, וואו עס זיינען אנוועזענד געווען אלע מיטגליעדער פון ברענטש. זיי האבען באדאנקט די עקזעקוטיווע פאר שיקען צו זיי א פארטרעטער.

פריינד עבעריל האט אפיציעל אינסטאלירט דעם באריסאווער בר. 334. זיי באשטעהען פון א יונגען פראגרעסיווען עלעמענט און פארשפרעכען צו זיין א שטארקער ברענטש אין דער צוקונפט.

ער (פריינד דינערשטיין) האט אינסטאלירט בר. 229, וועלכער האט אויך גוטע אויסזיכטען זיך שנעל צו ענטוויקלען.

די באלטימאר דיסטריקט קאמיטע האט אינסטאלירט א נייעם פרויען ברענטש בלויז מיט 18 מיטגליעדער. ווען דער אפיס האט זיי אנגעפרעגט ווארום זיי האבען ניט געווארט צו אינסטאלירען דעם ברענטש מיט 25 מיטגליעדער, ווי עס פאדערט זיך לויט אונזער קאנסטיטושאן, האבען זיי געענטפערט, אז צוליעב דעם וואס דאס איז דער ערשטער פרויען ברענטש אין באלטימאר האבען זיי געדענקט, אז זיי וועלען קענען אינסטאלירען דעם ברענטש מיט 15 אדער מעהר מיטגליעדער. דער אפיס האט מיט דער צושטימונג פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע ניט גוטגעהייסען זייער האנדלונג, און דער נייער ברענטש איז פארלויפיג אין אפיס נאך ניט אינסטאלירט געווארען.

מעמבערס פון א געוויסען ברענטש אין ניו דזשורזי האבען אנגעפרעגט צי זיי קענען ארייננעהמען א געשטראכענעם מעמבער פון ארבייטער רינג, וועלכער האט פארנומען א געוויסע סומע געלד פון דעם ברענטש, וואו ער האט פריהער באלאנגט. זיי האבען ערקלערט, אז דער אפיס האט די סומע קאלעקטירט פון דער באנד קאמפאניע, און אז דער באטרעפענדער איז יעצט וויליג אויסצוצאהלען דאס געלד וואס ער איז געבליבען שולדיג. די נאציאנאלע ארגאניזאציאנס קאמיטע האט ערקלערט די פארטרעטער, אז עס וועט זיין געזינטער פאר'ן ברענטש און פאר'ן ארבייטער ריג דאס מען זאל איהם ניט ארייננעהמען.

איניגע מעמבערס פון פעטערסאנער ברענטשעס האבען זיך געווענדעט, אז מען זאל זיי, ווי אויך אנדערע מעמבערס — זייד מאנופעקטשורערס, ערלויבען צו ווערען מעמבערס עט לארדזש, אום צו פארמיידען אין דער צוקונפט סכסוכים אין באצוג דער פראגע וועגען די 3 לום סיסטעם. הויפטזעכליך ראבען זיי געבעטען צו ערלויבען ווערען מעמבערס עט לארדזש יענע מיטגליעדער מאנופעקטשורערס, וועלכע זיינען נאך פון די ברענטשעס ניט אנגעקלאגט און באשטראפט געווארען. די נאציאנאלע ארגאניזאציאנס קאמיטע האט באשלאסען זייער פארלאנג ניט באוויליגען.

עס איז באשלאסען געווארען צו גרינדען 2 נייע דיסטריקט קאמיטעס: אין סינסינאטי, אהייא, און אין אמאהא, נעבראסקא. די סינסינאטי דיסטריקט קאמיטע זאל ארייננעהמען לואיזוויל, ניופארט, אינדיאנאפאליס, און די אמאהא דיסטריקט קאמיטע זאל ארייננעהמען ...אומה אמאהא, דעמאנס, סיעוקס סיטי און לינקאלן.

די קאנפערענצען פון די דיסטריקט קאמיטעס וועלען זיך אנפאנגען דעם 20טען יולי.

פריינד יודיטש איז געווען פארטראטען ביי דעם יובילעאום פון בר. 308 און זיי אדרעסירט אין דעם נאמען פון דער נאצ. עקזעקוטיוו. זיי האבען אויף דעם פלאץ קאלעקטירט 50 דאלאר פאר די מלחמת־חרבנות.

די נאציאנאלע בענעפיט קאמיטע האט פארלאנגט א ליסט פון די קאנפערענצען, וואס וועלען גערופען ווערען פון דער סיטי און דיסטריקט קאמיטעס, ווייל ביי מאנכע פון דיזע קאנפערענצען וועלען זיי האבען פארטרעטער צו רעדען וועגען בענעפיט פראגען. זיי האבען זיך געבעטען, אז ביי די קאנפערענצען וואו זיי וועלען ניט זיין פארטראטען זאלען די פארטרעטער פון דער נאציאנאלער ארגאניזאציאנס קאמיטע זיך אפשטעלען אויף פראגען וואס זיינען פארבונדען מיט בענעפיט. זייער פארלאנג איז באוויליגט געווארען.

די נוארק דיסטריקט קאמיטע האט די לעצטע עטליכע וואכען געטאן גוטע ארבייט. זיי האבען זיך פארפליכטעט צו שאפען 500 נייע מעמבערס. די גענויע רעזולטאטען פון זייער קאמפיין זיינען נאך ניט באקאנט, אבער אורטיילענדיג פון זייער טעטיגקייט, זעהט מען אויס, אז זיי וועלען זיין ערפאלגרייך אין זייער ארבייט.

א דזשאינט מיטינג מיט דער נאציאנאלער עדיוקיישאנאל קאמיטע איז אפגעהאלטען געווארען צו פארהאנדלען וועגען דער ארבייט, וואס קען געטאן ווערען אויף א געמיינשאפטליכען אופן פון ביידע קאמיטעס. עס איז ביי דעם דזשאינט מיטינג אנגעדייטעט געווארען, אז מאסען־פארזאמלונגען און קאנצערטען זאלען אומעטום, וואו עס איז נאך מעגליך, ארגאנזשירט ווערען פון ביידע קאמיטעס. א קאמיטע פון 4 איז ערוועהלט געווארען, — צו 2 פון יעדער קאמיטע, — אויסצוארבייטען א גענויען פלאן פאר אזא געמיינשאפטליכער ארבייט. פר. צביון און בורגין זיינען ערוועהלט געווארען פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע, און יודיטש און ער (דינערשטיין) פון דער ארגאניזאציאנס־קאמיטע. עס איז באשלאסען געווארען, אז די נאציאנאלע ארגאניזאציאנס קאמיטע און די נאציאנאלע עדיוקיישאנאל קאמיטע זאלען האבען א דזשאינט מיטינג יעדען מאנאט צו פארהאנדלען וועגען ווייטערדיגער טעטיגקייט.

דער רעפארט פון דער ארג. קאמיטע ווערט גוטגעהייסען.

## רעפארט פון דער סאניטאריום קאמיטע

פריינד ר. גוסקין, טשערמאן פון דער קאמיטע, באריכטעט, אז די ניי־ערוועהלטע סאניטאריום קאמיטע איז אינסטאלירט געווארען דיענסטאג אבענד, דעם 29טען מאי.

ער (גוסקין) איז ערוועהלט געווארען אלס טשערמאן, פריינד ל. ראפדימאן איז ערוועהלט געווארען אלס וויס טשערמאן.

בר. 805 פון פילאדעלפיא האט געשריבען, אז זיי האבען ערהאלטען א בריעף פון די פאציענטען פון סאניטאריום, אין וועלכען זיי באקלאגען זיך אויף דער דיסציפלין. דער ברענטש האט דארום באשלאסען צו פאררופען א קאנפערענץ פון אלע פילאדעלפיער ברענטשעס און זיי האבען געבעטען, אז די סאניטאריום קאמיטע זאל שיקען פארטרעטער צו דער קאנפערענץ. זיי האבען אויך פארלאנגט, אז א קאמיטע פון די פאציענטען זאל ערוועהלט ווערען צו קומען צו דער קאנפערענץ. די סאניטאריום קאמיטע האט באשלאסען אנצונעהמען זייער איינלאדונג צו זיין פארטראטען ביי זייער קאנפערענץ, אום צו איבערצייגען די מיטגליעדער אין פילאדעלפיא, אז א פריינדליכע דיסציפלין איז דורכאוים נויטיג פאר אן אנשטאלט פון קראנקע; אז אויב עס זאל קיין דיסציפלין ניט זיין, וואלטען די פאציענטען ניט געגאנגען אין דער צייט שלאפען, ניט געגעסען אין דער צייט, א. ד. ג., און זייער געזונד, אנשטאט צו פארבעסערען זיך, וואלט זיך פיליכט נאך פארערגערט. וואס אנבאלאנגט צו האבען פארטרעטער פון די פאציענטען, האבען מיר געראטען דעם ברענטש זיי זאלען זיך וועגען דעם ווענדען צום מעדיקאל סופעראינטענדענט פון סאניטאריום.

מרס. סייקין האט אכאמאל געבעטען צו ערלויבען איהר אוועקשטעלען סלופעס אויף דעם גראונד פון סאניטאדריום. די סאניטאריום קאמיטע האט באשלאסען איהר פארלאנג צו באוויליגען.

אויף דעם פארלאנג פון דאקטאר האלפערין איז באשלאסען געווארען צו ארגאנזשירען, אז פון מאנאט סעפטעמבער אן זאל ער האבען אין דורכשניט ניט מעהר ווי 8 פאציענטען א טאג צו אינטערזוכען ביי זיך אין אפיס. לויט דער יעצטיגער סיסטעם קומען מאנכע טעג צו 5—6 פאציענטען א טאג, און מאנכע טעג קומען גאר קיין פאציענטען נים. דאס שאפט מאנכעס מאל פיעל שוועריגקייטען אי פאר די פאציענטען אי פאר דאקטאר האלפערן.

דר. ראזענבערג האט רעזיגנירט פון זיין אמט אלס מעדיקאל דירעקטאר און סופעראינטענדענט, ערקלערענדיג, אז ער גיט אויף אינסטיטושאן ארבייט. ס'איז באשלאסען געווארען אנצונעהמען זיין רעזיגנאציאן און איבערגעבען צו דר. האלפערן צו קריגען אן אנדער דאקטאר אויף זיין פלאץ.

א געוויסער מעמבער פון פילאדעלפיא איז אונטערזוכט געווארען פון דעם ארטיגען אדמיטינג דאקטאר, וועלכער האט ערקלערט, אז ער ליידעט אויף האלז קאנסאמפשאן, און אז ער איז ניט קיין פאסענדער פאציענט פאר אונזער סאניטאריום. אויף דעם גרונד איז באשלאסען געווארען איהם ניט אריינצונעהמען. א קאמיטע פון ברענטש, צוזאמען מיט דעם באטרעפענדען, האבען זיך נאכהער געווענדעט צו דער סאניטאריום קאמיטע און אפעלירט אריינצונעהמען איהם אין סאניטאריום, אויב עס איז נאר דא אזא מעגליכקייט. ס'איז באשלאסען געווארען איהם ערלויבען א צווייטע מעדיצינישע אונטערזוכונג פון דאקטאר האלפערן. דער לעצטער האט רעקאמענדירט איהם אריינצונעהמען אויף אבסארוויישאן. דער ברענטש האט נאכהער אויסגעדריקט א הערצליכען דאנק צו דער סאניטאריום קאמיטע פאר דער פריינדליכער באציהונג אין באצוג דער אנגעלעגענהייט.

די מייטראן, מיס ברעגער, האט רעזיגנירט פון איהר אמט, און ס'איז באשלאסען געווארען אנצונעהמען איהר רעזיגנאציאן און קריגען א צווייטע אויף איהר פלאץ.

א געוויסער ברענטש אין ניו יארק האט זיך געווענדעט, אז מען זאל ארייננעהמען זייערען א מעמבער, וועלכער האט געקראגען אויסגעצאהלט קאנסאמפשאן בענעפיט אין 1906. דער מעמבער האט געוואלט אומקעהרען די קאנסאמפשאן בענעפיט, אום אריינגענומען צו ווערען אין סאניטאריום. עס איז באשלאסען געווארען זיי ענטפערען, אז לויט אונזערע פיהרונגען קען א מעמבער וואס האט געקראגען זיין קאנסאמפשאן בענעפיט איידער דער סאניטאריום איז געבויט געווארען ניט אריינגענומען ווערען אין סאניטאריום.

די סאניטאריום קאמיטע דענקט צו מאכען אן עקספערימענט, אז די סטאר רום זאל געפיהרט ווערען פון דער מעטראן אונטער דער קאנטראל פון בוקקיפער, אנשטאט צו האבען דערצו א ספעציעלען סטאר רום קלוירק.

בר. 428 האט צוגעשטעלט אן אפליקיישאן פאר זייערען א מעמ־

בער אַרייגגענומען צו ווערען אין סאַניטאַריום. דער באַטרעפענדער איז אַריינגעקומען אין אַ. ר. אין אָקטאָבער 1917. עס צייגט זיך אָבער אַרויס, אַז ער איז אין פאַרלויף פון 1915-16 געווען זעקס מאָנאַטען אין אַן אַנדער סאַניטאַריום. די סאַניטאַריום קאָמיטע האָט באַשלאָסען ברענגען די פראַגע צו דער נאַצ. עקז. מיט דער רעקאָמענדיישאָן, אַז ער זאָל אין סאַניטאַריום ניט אַריינגענומען ווערען, נאָר מען זאָל איהם אויסצאָהלען די 200 דאָלאַר קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט.

אַ געוויסער ברענטש פון מינעאַפּאָליס האָט געלאָזט וויסען טעלעגראַפיש, אַז זיי שיקען אַרויס אַ מעמבער אין סאַניטאַריום. אַזוי ווי זיין מעדיקאַל רעפּאָרט איז נאָך ניט אָנגעקומען, האָט מען דעם ברענטש גלייך געענטפערט טעלעגראַפיש, אַז דער מעמבער זאָל ניט אַרויספאָהרען ביז זיי וועלען קריגען די נויטיגע אינסטראַקשאָנס. דעם צווייטען טאָג איז אַ בריעף מיט אינסטראַקשאָנס צום ברענטש אַרויסגעשיקט געוואָרען. דער מעמבער איז אָבער דאָך דעם דריטען טאָג געקומען אין ניו יאָרק. נאָכהער האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז דער באַטרעפענדער איז בלויז אַכט מאָנאַטען אַ מעמבער פון אַ. ר. און איז צו סאַניטאַריום ניט באַרעכטיגט. זייענדיג מיסאינפאָרמירט פונ'ם ברענטש סעקרעטער, האָט דער קראַנקער מעמבער געמאַכט אומזיסטע הוצאות פון אַריבער 60 דאָלאַר. די סאַניטאַריום קאָמיטע האָט געשיקט אַ שטרענגען בריעף צום סעקרעטער און איהם ערקלערט, אַז אין דער צוקונפט זאָל ער ניט שיקען קיין פּאַציענט אין סאַניטאַריום אײדער ער קריגט אַן אַדמישאַן קאַרד פון דזשענעראַל אָפיס.

דר. מיטשעל איז אָנגעשטעלט געוואָרען אַלס אַסיסטענט דאָקטאָר אין סאַניטאַריום.

אַ קאָנצערט איז אַראַנזשירט געוואָרען פון די פּאַציענטען אויף דעם 5טען דזשולאַי.

נאָכדעם ווי עס ווערען געשטעלט אייניגע פראַגען ווערט דער רעפּאָרט גוטגעהייסען.

---

פריינד ישורון, טשערמאַן פון דער אָפיס קאָמיטע, ערקלערט, אַז אַ געוויסער ברענטש האָט אָנגעפרעגט, אויב אַ מעמבער, וועלכער איז עלטער פון 40 יאָהר, קען זיך טרענספערירען אין אַ העכערען קלאַס. לויט דער קאָנסטיטוציע טאָר ער ניט, אָבער לויט דעם לעצטען רעפערענדום ווערען מעמבערס אַריינגענומען ביז 45 יאָהר, פאָלגליך קענען זיי זיך אויך טרענספערירען ביז יענער עלטער.

דער טשערמאַן טייטשט אויס, אַז לויט דעם רעפערענדום קענען מיטגליעדער, וועלכע זיינען עלטער פון 40 יאָהר, זיך טרענספערירען פון אַ נידריגען אין אַ העכערען קלאַס.

---

עס ווערט באַשלאָסען צו האָבען אַ פאָרטזעצונג פון דעם מיטינג מיטוואָך אבענד, דעם 9טען מאַי.

טראַטען ביי די זיצונגען פון די נייישאָנאַל באָארד אוו דירעקטאָרען.

דער טשערמאַן, פר. עפּשטיין, ווער באַאויפטראַגט צו זיין פאַר־

* * *

**אַ פאָרטזעצונג פון דעם מיטינג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע ווערט אָפּגעהאַלטען מיטוואָך אבענד, דעם 9טען יולי, מיט פריינד אב. עפּשטיין אַלס טשערמאַן.**

### צושריפטען

פון בר. 80 און בר. 253 — שרייבען, דאָס אַזוי־ווי די רייטס זיינען פון יאַנואַר עטוואָס גרעסער געוואָרען אין פאַרגלייך מיט לעצטען יאָהר, רעקאָמענדירען זיי, אַז דער טעקס פון 30 סענט פאַר דעם קאָנווענשאָן־פאָנד אייגגעטיילט אויף צוויי קוואַרטאַלען צו 15 סענט אַ קוואַרטאַל זאָל יעצט אַרונטערגענומען ווערען. — עס ווערט באַשלאָסען זיי צו ענטפערען. אַז דער אינשורענס קאָמישאָנער פון סטייט פאָדערט. דאָס די פאַרשיעדענע פאָנדס זאָלען קיין דעפיציטען ניט האָבען, פאָלגליך קען דער טעקס ניט אַרונטערגענומען ווערען.

### קאָמיטעס

פון דער סיגאַר מאַכער יוניאָן — פר. אַרנאָפאָל ערקלערט, אַז די סיגאַר מאַכער זיינען איצט אין סטרייק און זיי פאַרלאַנגען צו אינדאָרסירען זייערען אַ צושריפט צו די אַ. ר. ברענטשעס וועגען פינאַנציעלע שטיצע. — עס ווערט באַשלאָסען זייער פאָרלאָג צו באַוויליגען.

פון דער רענד סקוהל — ערקלערען, אַז זיי געפינען זיך יעצט אין אַ קריטישער לאַגע, אַז עס האַלט דערביי, דאָס מען זאָל אָפּשטעלען יעדע קולטורעלע טעטיגקייט פון דער סקוהל און פיליייכט די גאַנצע סקוהל צומאַכען. זיי בעטען צו ערוועהלען אַ קאָמיטע, וועלכע זאָל אַרבייטען צוזאַמען מיט פאָרטרעטער פון אַנדערע אַרבייטער אָרגאַניזאַציאָנען, אַז די רענד סקוהל זאָל ניט צוגעמאַכט ווערען. זיי פאַרלאַנגען אויך צו אינדאָרסירען זייערען אַן אַפּיעל פאַר שטיצע.

עס ווערט באַשטימט צו ערוועהלען אַ קאָמיטע, און וועגען אינדאָרסירען זייער אַפּיעל האַנדלען שפּעטער.

אַלס קאָמיטע ווערען ערוועהלט פריינדע עפּשטיין, קלופּט און באַסקין.

### רעפּאָרט פון דער נאַצ. בענעפיט קאָמיטע

פריינד יאַקאָבי, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז די נאַציאָנאַלע בענעפיט קאָמיטע איז אינסטאַלירט געוואָרען דיענסטאַג אבענד, דעם 3טען יוני.

ער (יאַקאָבי) איז ערוועהלט געוואָרען אַלס טשערמאַן. פריינ[ד] אַראָנסאָן איז ערוועהלט געוואָרען אַלס וויים טשערמאַן.

אַ געוויסער ברענטש פון ניו יאָרק האָט געבעטען אויסצאָהלע[ן] פאַר 16 וואָכען קראַנקען בענעפיט פאַר זייערען אַ, פאַ שטאָרבענ[...] מעמבער. זיי האָבען צוגעשטעלט אַ סטייטמענט פון אַ דאָקטאָר, וועל[...] כער האָט איהם קורירט, און ערקלערט, אַז ווען דער באַטרעפענדע[ר] האָט געלעבט, האָט ער קיין בענעפיט ניט געדענקט צו קריגען, אָבע[ר] נאָך זיין טויט איז זיין פרוי געבליבען הילפלאָז און זי האָט פאַר[...] לאַנגט די בענעפיט. נאָכדעם ווי די בענעפיט קאָמיטע האָט די פראַג[ע] אונטערזוכט, איז באַשלאָסען געוואָרען די בענעפיט אויסצוצאָהלען.

אין אַ געוויסען ברענטש אין נואַרק האָט אַ מעמבער צוגעשטעל[ט] א סטייטמענט פאַר אַ וואָך בענעפיט. נאָכדעם ווי דער סעקרעטער האָ[ט] איהם געפרעגט ווארום ער האָט זיך ניט געמאָלדען קראַנק, אום קאָ[...] מיטעס זאָלען צו איהם געשיקט ווערען, האָט ער צוגעשמעלט אַ סער[...] טיפיקייט פאַר דער זעלבער וואָך, נאָר די דייטס זיינען געווען גאַנ[ץ] אַנדערע. לויט די דייטס האָט דער סעקרעטער איבערצייגט, אַז דע[ר] באַטרעפענדער איז גראַדע דאַמאָלס געווען ביי דעם מיטינג פון ברענטש[...] פריינד הייפערלינג איז געווען ביי'ם מיטינג פון ברענטש צו אונטער[...] זוכען די פראַגע וועגען דער בענעפיט. ס'איז פעסטגעשטעלט געוואָרע[ן] אַז יענער סערטיפיקייט איז ביי'ם מיטינג אונטערגעשריבען גע[...] וואָרען. דער האָספּיטעלער האָט צוגעגעבען, אַז ער האָט ניט געוואוּ[ס]ט פון דעם מעמבערס קראַנקהייט, נאָר ער גלויבט, אַז דער באַטרע[...] פענדער איז געווען קראַנק. די בענעפיט קאָמיטע האָט באַשלאָסע[ן] צוריקצואווייזען די בענפיט, ווייל די גאַנצע זאַך זעהט אויס צו זיי[ן] צווייפעלהאַפט. די בענעפיט קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו שיקען פאַר[...] טרעטער צו מאַנכע קאָנפערענצען פון סיטי און דיסטריקט קאָמיט[עס] גערופען פון דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע.

זייט דער לעצטער עפּידעמיע פון אינפלוענציע האָבען זיך פיל[...] סעקרעטערע און האָספּיטעלער גוגעוואוינט ניט צו זיין זעהר פּינקט[...] ליך וועגען בענעפיט. ס'איז דארום נויטיג צו רופען די אויפמערק[...] זאַמקייט פון די בעאַמטע צו דעם, אַז די בענעפיט דאַרפען פּינקטלי[ך] אַטענדעט ווערען, אום צו שפּאָרען צייט און ענערגיע פון צוריקשיק[ען] סטייטמענטס און סערטיפיקייטס.

די בענעפיט קאָמיטע איז געווען פאַרטראַטען ביי דעם לעצט[ען] קאָנפערענץ פון די דיסטריקט דאָקטוירים, וואָס איז אָפּגעהאַלטען גע[...] וואָרען דעם 29טען יוני. אַ שטענדיגע קאָמיטע פון 9 איז ביי דע[ר] קאָנפערענץ ערוועהלט געוואָרען אָנצופיהרען ווייטער די אַרבייט פו[ן] איינפיהרען דיסטריקט דאָקטוירים.

באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

### רעפּאָרט פון דער נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע

פריינד צביון, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז די נ[...] ערוועהלטע עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע איז אינסטאַלירט געוואָרען ד[...] נערשטאַג אבענד, דעם 5טען יוני.

ער (צביון) איז ערוועהלט געוואָרען אַלס טשערמאַן. פריינד [...] גאַלינסקי איז ערוועהלט געוואָרען אַלס וויים טשערמאַן.

ליסטען פון „פריינד" דעפּאַרטמענט צו קאָרעגירען די אַדרעסע[ן] זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרען צו 530 ברענטשעס. אַ גרויסע מי[...] פון דער אַרבייט צו קאָרעגירען די אַדרעסען וועט מוזען אָועקגע[...] געבען ווערען צו אַ קאָמפּאַני אום צו קאָרעגירען די אַדרעסען אי[ן] אַ קורצער צייט.

די אַרבייטער רינג שולען אין ניו יאָרק געפינען זיך אין [אַ] גוטען צושטאַנד. עס ווערען געמאַכט אַרענדזשמענטס צו אַראַנזשירע[ן] לעקטשורס אין פּאַרקס איבער נאַטור־געשיכטע. די שולען האָב[ען] געקראָגען ערלויבניש פון דער שטאָדט אויף פרייע קאַר־פעיר פאַר [...] קינדער צו פאָהרען צו דיזע לעקטשורס אין די פּאַרקס.

עס איז באַשלאָסען געוואָרען זיך אָנצושליסען אַן דער „פּאַ[...] אייניגטער אַרבייטער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע" און באַטייליגען זי[ך] מיט זיי בלויז אין אַזאַ עדיוקיישאָנאַל אַרבייט, וואָס ווערט פון אונ[...] אינדיווידועל ניט געטאָן, ווי צום ביישפּיעל, גרויסע קאָנצערטען, ענ[...] גלישע טעאַטער פאָרשטעלונגען א. ד. ג. אַ געוויסע סומע זאָל פאַר זי[...] באַשטימט ווערען. מיט אַ פאַרשטענדניס, אַז די עדיוקיישאָנאַל קאָ[...] מיטע איז ניט פאַראַנטוואָרטליך פאַר זייערע דעפיציטען. די סומ[ע] וואָס זאָל באַשטימט ווערען פאַר דער פאַראייניגטער אַרבייטער עדיו[...] קיישאָנאַל קאָמיטע, און אויך וועלכע באַדינגונגען מיר זאָלען זי[ך] אָנשליסען, וועט שפּעטער געענוי אויסגעאַרבייט ווערען.

די אַרבייטער רינג מוזיק שול טוט זעהר גוטע אַרבייט און וועט מיט דער צייט ווערען אַ ניצליכע אינסטיטושאָן. ווי די מוזיק שו[ל] איז יעצט אַוועקגעשטעלט, דעקט זי איהרע אייגענע אויסגאַבען. [...] האָבען אָבער פיעלע חובות פון פריהער, וועלכע עס איז זעהר שווע[ר] אויסצואָהלען. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו נעהמ[ען] די אַרבייטער רינג מוזיק שול אונטער איהר דירעקטער אויפזיכט או[ן] באַוויליגען פאַר זיי 200 דאָלאַר.

די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט באַשלאָסען אַרויסצוגעבען אַ בו[ך] איבער קינדער־ערציהונג, געשריבען פון אנא סאַלוצקי.

ווי עס זעהט אויס יעצט, וועלען אין פאַרלויף פון יאָהר אָרגאַ[...] ניזירט ווערען אַ גאַנצע רייהע אַרבייטער רינג שולען אין פיעל[ע] שטעדט און שטעדטלאַך איבער'ן גאַנצען לאַנד. די עדיוקיישאָנאַל קאָ[...] מישע שטעהט יעצט אין שריפטליכער פאַרבינדונג מיט פיעלע שטע[דט] און מען וועט זיי זיכער העלפען מיט ראַט און טאַט און זעהן א[ז] זייערע שולען זאָל ערעפענט ווערען.

פריינד צביון ערקלערט, אַז די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע וועט או[...]

דיזען יאָהר מאַכען יעדען פאַרזוך צו אַרבייטען געמיינשאַפטליך און האַרמאָניש מיט דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, אום מיט פאַראייניגטע קרעפטען צו העלפען פאַרשטאַרקען און פאַרשענערען עם אַרבייטער רינג.

א פּראָגראַם איז אויסגעאַרבייט געוואָרען פאַר לעהרער־קורסען. יינע פון די שווערסטע פּראָבלעמען פאַר די ניי־געגרינדעטע אַרבייטער רינג שולען איז צו האָבען פּאַסענדע לעהרער. עס וועלען זיין ־מאָנאַטליכע קורסען און 6־מאָנאַטליכע קורסען. די 3־מאָנאַטליכע רסען וועלען זיין הויפּטזעכליך פאַר לעהרער פון פּאַבליק סקולס, עלכע קענען א ביסעל אידיש, און דער 6־מאָנאַטליכער קורס וועט יין א מעהר גרינדליכער קורס צוצוגרייטען א גענוגענדע צאָהל לעה־ער פון אידישע אינטעליגענטע יונגע לייט און פרויען, וועלכע וועלען יך באַשליסען צו ווערען לעהרער. די קורסען וועלען זיין פאַר־ונדען מיט אונגעפעהר 1000—1200 דאָלאַר אויסגאַבען.

פריינד י. ב. ביילין איז ווידער אָנגעשטעלט געוואָרען אַלס רע־אַקטאָר פון „פריינד" אויף נאָך א יאָהר. עס איז אויך באַשטימט געוואָרען צו העכערען זיין געהאַלט אויף 10 דאָלאַר א וואָך.

פריינד צביון ערקלערט, אַז פריינדע סאַלוצקי און קרינסקי האָבען יינגעוויליגט צו בייטען זיך מיט די פּלעצער: דער ערשטער זאָל אַריין ין דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע און דער צווייטער אין דער אָרג. קאָמיטע.

רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען, אויסער דעם פּונקט וועגען אָנשלי־ען זיך אָן דער פאַראייניגטע אַרבייטער עדיוק. קאָמיטע. וועגען דעם ונקט ווערט באַשטימט צו האַנדלען ביי'ם נעקסטען מיטינג פון דער אַצ. עקז.

## רעפּאָרט פון דער אָפּיס קאָמיטע

פריינד ראָזענבלאַט, וויס־טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, ז די ניי־ערוועהלטע אָפּיס קאָמיטע איז אינסטאַלירט געוואָרען דאָ־ערשטאַג אבענד, דעם 5טען יולי.

פריינד משורון איז ערוועהלט געוואָרען אַלס טשערמאַן. פריינד . ראָזענבלאַט איז ערוועהלט געוואָרען אַלס וויס־טשערמאַן.

אין 2 בראַנטשעס זיינען געוועזען פעלע, וואו די סעקרעטערע האָבען אַרנומען בראַנטש געלדער, און די פיונעראַל בענעפיט איז ניט אויס־געצאָהלט געוואָרען. דער אָפּיס האָט די בראַנטשעס אויפגעפאָדערט, אַז י פיונעראַל בענעפיט זאָל צו דער אלמנה אויסגעצאָהלט ווערען.

א קלאַס 3 מעמבערין, וועמעס מאַן איז געשטאָרבען, האָט שפּעטער ידער התונה געהאַט. דער צווייטער מאַן איז עלטער ווי 50 יאָהר ן ער קען אין אַרבייטער רינג ניט אַריינקומען. זי האָט אָנגע־רעגט צי זי קען פאַרבלייבען אַלס 3טע קלאַס מעמבערין. עס איז אַשלאָסען געוואָרען צו באַראַטען זיך וועגען דעם מיט אונזער ליגעל דווייזער. — דער טשערמאַן, פריינד עפּשטיין, רולט, אַז זי קען פאַר־לייבען אַלס 3טע קלאַס מעמבערין.

די רעקאָרד קאַבינעטס זיינען אין אָפּיס איבערגעשטעלט געוואָרען ם צו מאַכען מעהר פּלאַץ פאַר נאָך אייניגע נייע קאַבינעטס, וואָס ינען נויטיג געווען אין אָפּיס. די אַרט און ווייזע ווי די קאַבי־טס זיינען יעצט פאַנאַנדערגעשטעלט געוואָרען האָט בכלל געשאַפען עהר פּלאַץ אין אָפּיס.

עס איז באַשלאָסען געוואָרען גלייך אויסצוצאָהלען צו די סטרייקענדע שיך אַרבייטער פון שיקאַגאָ די 50 דאָלאַר, וואָס איז רעקאָמענ־רט געוואָרען פון קאָנווענשאָן, אויך אַלע געלדער רעקאָמענדירט פון אָנווענשאָן צו שטיצען סטרייקס פון א. גל. איידער דער רעפערענדום עט געשלאָסען ווערען.

מיט דעם וואוקס פון אונזער מיטגליעדערשאַפט וואַקסען אויך די קאָרדס פון ווערען געהאַלטען אין אָפּיס. דער רעזולטאַט איז, אַז דער יס איז יעצט צו ענג. עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו קריגען פון אַרכיטעקט א פּלאַן ווי דעם אָפּיס צו פאַרגרעסערען.

עס איז געאָרדערט געוואָרען א מיליאָן בילס פאַר בראַנטשעס (צו 1 אין א פּעד) און 2 טויזענד רעסיט ביכער.

עס איז געדרוקט געוואָרען א סליפּ וועגען טשאַרדזשעס פאַר מעמ־רס וואָס האָבען זיך טראַנספערירט פון א נידריגען קלאַס צו א כערען. דיזע סליפּס ווערען פאַנאַנדערגעשיקט צו די בראַנטשעס, ו עס זיינען פאַראַן אַזעלכע טראַנספערירטע מעמבערס.

אויף די רייט קאַרדס פון דיזען קוואַרטאַל זיינען געדרוקט די אַרדזשעס פאַר נייע מעמבערס, וועלכע קומען אַריין אין דעם עלטער ן 40 ביז 45 יאָהר, כדי צו פאַרשפּאָרען די סעקרעטערע אָנצופרעגען יך אַזעלכע טשאַרדזשעס.

30 קייסעס פון טויטען בענעפיט, וואָס באַטרעפט העכער 8000 אַר, זיינען איבערגעשיקט געוואָרען צום „אייליען פּראָפּערטי קאַס־דיען". דאָס זיינען אַזעלכע קייסעס, וועמעס בענעפישערים עס גע־פינען זיך אין לענדער, מיט וועלכע די פאַראייניגטע שטאַאַטען זיינען עזען אין קריעג.

עס איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז דער אָפּיס זאָל זיין געשלאָסען ת, דעם 5טען יולי, ווייל דער 4טער יולי קומט אויס פרייטאָג, און אָפּיס איז דאַן סיי־ווי געשלאָסען. פיעלע אָפּיסעס אין ניו יאָרק לען די 2 טעג זיין געשלאָסען, אום צו געבען זייערע אָנגעשטעלטע מעגליכקייט צו זיין פריי 3 טעג נאָכאַנאַנד (פרייטאָג, שבת און טאָג, דעם 4טען, 5טען און 6טען יולי). עס איז פאַרשטאַנען גע־ען, אַז די אָנגעשטעלטע פון אונזער אָפּיס זאָלען אָפּאַרבייטען די שטונדען, ווי זיי וואָלטען געוועהנליך געאַרבייט שבת, דעם 5טען י.

אין אָפּיס ווענדען זיך פון צייט צו צייט נויטבאַדירפטיגע מעמ־בערס און מען מוז זיי שטיצען פינאַנציעל. די אָפּיס קאָמיטע רע־קאָמענדירט, אַז אַן אימיורדזשענסי פאָנד פון 200 דאָלאַר זאָל גע־האַלטען ווערען אין אָפּיס און די סומע זאָל אַרונטערגענומען ווערען פון דעם פאָנד אויף צו דעקען די דיוס פון די געדרעפטעטע מעמבערס. די נאַצ. עקזעקוטיוו באַשטימט די רעקאָמענדיישאָן אָנצונעהמען.

דיזען קוואַרטאַל האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז 115 בראַנטשעס זיינען הינטערשטעליג אין זייערע צאָהלונגען. דער אַלגעמיינער באַ־לאַנס פון די בראַנטשעס פון לעצטען קוואַרטאַל באַטרעפט אַריבער 10 טויזענד דאָלאַר. עס איז דאַרום באַשלאָסען געוואָרען אַרויסצושיקען א שטרענגען בריעף צו די 115 בראַנטשעס.

דער אָודיטינג דעפּאַרטמענט האָט אַרויסגעשיקט בריעף צו פיעלע בראַנטשעס און האָט אויפגעפאָדערט זיי אַריינצושיקען זייערע ביכער צו אונטערזוכען.

עס איז באַשטימט געוואָרען, אַז דעם 26טען פון לעצטען מאָנאַט פון קוואַרטאַל זאָלען געשלאָסען ווערען די ביכער פאַר אַריינגעהמען נייע מעמבערס.

באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. גריוועַנס קאָמיטע

פריינד וואַלאַס, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז די ניי־ערוועהלטע נאַציאָנאַלע גריוועַנס קאָמיטע איז אינסטאַלירט גע־וואָרען דיענסטאַג אבענד, דעם 3טען יוני. ער (פריינד וואַלאַס) איז ערוועהלט געוואָרען אַלס טשערמאַן. פריינד פּערלשטיין איז ערוועהלט געוואָרען אַלס וויס טשערמאַן.

די קאָמיטע האָט איבערגענומען די איבערגעבליבענע קייסעס פון דער פריהערדיגער קאָמיטע און האָט גלייך באַשטימט הירינגס פאַר אַלע אַפּיעלס און קלאַגעס.

א מעמבער פון א געוויסען בראַנטש, ניט ווייט פון ניו יאָרק, האָט אַפּעלירט וועגען פאָלגענדעס: דער בראַנטש האָט געראַפּעלט א פּאַנאָגראַף פאַר א קראַנקען מעמבער, אין וועמען די מיטגליעדער פון בראַנטש זיינען געווען פאַראינטערעסירט. דעם פּאַנאָגראַף האָט געוואו־נען אַן אויטסיידער. דער בראַנטש האָט אינסטרואירט דעם סעקרעטער צו שרייבען צו יענעם מאַן. דער סעקרעטער האָט דאָס פאַרנאַכלעסיגט צו מאַן, און ווען די פרוי פון דעם מאַן וואָס האָט געוואונען דעם פּאַנאָגראַף האָט געפאָדערט, אַז מען זאָל איהר דעם פּאַנאָגראַף אומ־קעהרען, האָט דער סעקרעטער פון בראַנטש גע'טענה'ט, אַז זי דאַרף צושטעלען דער „סטאָב", אום צו איבערצייגען, אַז זי איז געווען די יעניגע, וועלכע האָט דעם געוואונענעם נומער געהאַט. דער בראַנטש האָט נאָכהער פאַרקויפט דעם פּאַנאָגראַף צו א מעמבער. א מיטגליעד פון בראַנטש, וועלכער איז באַפריינדעט מיט דער פאַמיליע פון יענעם, וואָס האָט דעם פּאַנאָגראַף געוואונען, האָט געגען דיעזער האַנד־לונג פון בראַנטש אַפּעלירט. דער בראַנטש האָט גע'טענה'ט, דאָס זיי האָבען געגעבען יענער פּערזאָן וואָס האָט געוואונען דעם פּאַנאָגראַף 4 וואָכען צייט צוצושטעלען דעם „סטאָב" פון דעם געוואונענעם נומער. נאָכדעם ווי יענער האָט ניט געענטפערט העכער 2 מאָנאַטען צייט, האָט דער בראַנטש דעם פּאַנאָגראַף פאַרקויפט, מיט דער פאַרשטענדניס, אַז אויב עס וועט פעסטגעשטעלט ווערען ווער עס האָט געוואונען דעם פּאַנאָגראַף, זאָל דער מעמבער דעם פּאַנאָגראַף צוריק אומקעהרען, און דער בראַנטש זאָל איהם אויסצאָהלען דאָס געלד. א מעמבער פון בראַנטש האָט אַלס עדות באַשטעטיגט, אַז ער האָט פאַרקויפט דעם טיקעט צו יענער פּערזאָן, וועמעס נומער ס'איז אָנאָנסירט געוואָרען אַלס דער געוואונענער. דער קלעגער האָט אויך אָנגעדייטעט, אַז קיין אַנדערער האָט זיך ניט געמאָלדען פאַר דעם פּאַנאָגראַף, און עס א געווען גאַנץ זיכער, אַז דעם פּאַנאָגראַף האָט געוואונען די פּערזאָן וואָס האָט איהם געמאָנט.

די נאַציאָנאַלע גריוועַנס קאָמיטע האָט באַשלאָסען, אַז דער בראַנטש זאָל אומקעהרען דעם פּאַנאָגראַף צו דער פּערזאָן, וואָס האָט איהם געוואונען, לויט דער באַשטעטיגונג פון דעם קלעגער און פון זיינע עדות, וועלכע זיינען אויך מעמבערס פון בראַנטש.

א מעמבער האָט אַפּעלירט געגען זיין בראַנטש וועגען פאָלגענדעס: א צווייטער מיטגליעד פון בראַנטש האָט אין דעם לעצטען פּרעזידענ־שעל עלעקשאָן געשטימט פאַר ווילסאָן. ווען ער איז אָנגעקלאָגט גע־וואָרען פאַר איבערטרעטען די פּרינציפּען פון אַרבייטער רינג, האָט דער בראַנטש אַרויסגעטראָגען אַן אורטייל, אַז פאַר דער פאַרגאַנגענ־הייט זאָלען זיי קיין שריטע געגען איהם ניט נעהמען, אָבער אין דער צוקונפט וועלען זיי איהם האַלטען פאַראַנטוואָרטליך פאַר דער האַנד־לונג. אויף דער פראַגע וואָרום דער באַטרעפענדער איז אָנגעקלאָגט געוואָרען אין 2 און א האַלב יאָהר שפּעטער נאָכדעם ווי די זאַך איז אָפּגעטאָן געוואָרען, האָט דער קלעגער ערקלערט, אַז ס'איז ניט געווען גונג באַווייזע צו מאַכען פון דעם א קלאַגע, נאָר ערשט מיט איי־ניגע וואָכען צוריק האָט דער אָנגעקלאָגטער אַליין צוגעגעבען ביי'ם בראַנטש מיטינג, אַז ער האָט געשטימט פאַר ווילסאָנ'ען. דער פאַרטרעטער פון בר. האָט גע'טענה'ט, אַז דער קלעגער און די עדות האָבען געוואוסט, אַז דער אָנגעקלאָגטער האָט געשטימט פאַר ווילסאָנ'ען, און דאָך האָבען זיי געגען איהם אַזאַ לאַנגע צייט קיין קלאַגע ניט אַריינגעבראַכט, אָבער ביי דער אונטערזוכונגס קאָמיטע פון בראַנטש איז דער אָנגעקלאָגטער געווען עהרליך גענוג צוצוגעבען, אַז ער האָט ווירקליך געשטימט פאַר ווילסאָנ'ען, נאָר ער האָט ערקלערט, אַז ער איז דאַן אָוועקגעריסען געוואָרען מיט'ן שטראָם, פון ווילסאָנ'ס קאַמפּיין געגען מלחמה, און ער האָט דאַרום געשטימט פאַר איהם, ווי דאָס האָבען געטאָן זעהר מאַנכע סאָציאַליסטען (דער קלעגער איז אַליין ניט קיין מעמבער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי). דער בראַנטש האָט דאַרום באַשלאָסען ניט

אַז אין דער צוקונפט וועט ער באַשטראָפט ווערען, אויב ער וועט ניט נאָכקומען די פּרינציפּען פון אונזער אָרגאַניזאַציאָן.

די גריוו. קאָמ. האָט באַשלאָסען, אַז דער ברענטש זאָל אויפפאָדערען דעם באַטרעפענדען צו געבען אַ שריפטליכע פאַרשפּרעכונג, דאָס ער וועט אין דער צוקונפט נאָכקומען די פּרינציפּען פון אַ. ר.

פריינד וואָלאָס ערקלערט, דאָס די פריהערדיגע גריוועגס קאָמיטע האָט מיט אַ צייט צוריק באַשלאָסען, אַז פריינדע וואָלף און מאלאט, מיטגליעדער פון יענער קאָמיטע, זאָלען פאָהרען באַזוכען די סאַני־טאַריומס. זיי האָבען ניט געהאַט קיין געלעגענהייט דאָס צו טאָן ווען זיי זיינען געוועזען אין אַמט, און די פריהערדיגע גריוועגס קאָמיטע בעט יעצט, אַז מען זאָל זיי ערלויבען צו פאָהרען באַזוכען דעם סאַניטאַריום. עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו רעפּאָרטען צו דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע וועגען דעם פאַרלאַנג פון דער פריהערדיגער גריוועגס קאָמיטע. די עקז. באַשטימט זייער פאַרלאַנג צוריקצואווייזען.

די גריוועגס קאָמיטע האָט געהאַט אַן אַפּיעל פון אַ גרופּע מעמ־בערס פון פּעטערסאָן, ניו דזשוירזי, געגען דעם באַשלוס פון זייערע ברענטשעס צו באַשטראָפען זיי מיט סומען פון 50 דאָלאַר ביז $99.99. פאַר אַרבייטען אויף דריי וועב־שטוהלען (די יוניאָן פאָדערט צו אַר־בייטען בלויז אויף צוויי וועב־שטוהלען.) די אַפּעלאַנטען זיינען באָסעס פון קאָרפּאָרײשאָן שעפּער און טענה'ן, אַז זיי אַרבייטען פאַר זיך אַליין און פאָלגליך קענען זיי אַרבייטען אויף מעהר ווי אויף צוויי וועב־שטוהלען. די גריוועגס קאָמיטע האָט וועגען די אַפּיעלס באַשלאָסען רעקאָמענדירען צו דער נאַצ. עקזעקוטיוו פאָלגענדעס:

1) אַז מיר זיינען אין פּרינציפּ פאַר דער צוויי־וועב־שטוהל סיסטעם.

2) אַז מיר אַפּעלירען צו רעדוצירען די שטראָף פון די אַפּע־לאַנטען צו צעהן דאָלאַר.

8) מיר ווילען רעקאָמענדירען צו די ברענטשעס אַרונטערצו־נעהמען אין גאַנצען די שטראָף פון די יעניגע, וועלכע ווילען זיך פאַרפּליכטען ניט צו אַרבייטען אין דער צוקונפט מעהר ווי אויף צוויי וועב־שטוהלען.

4) אַז די ברענטשעס האָבען אַ רעכט צו טרענספערירען דיזע וועבער־באָסעס אַלס מעמבערס עט לאַרדזש און די פאַרקלאָגטע אַליין האָבען אויך אַ רעכט צו פאַרלאַנגען פון זייערע ברענטשעס צו טרענס־פערירען זיי אַלס מעמבערס עט לאַרדזש.

אַ געוויסער מיטגליעד האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון ברענטש צו דיסמיסען די קיים פון אַ צווייטען מעמבער, וועלכער איז אָנגע־קלאָגט געוואָרען פאַר צוריק אַריינגעהמען אַרבייטער אין צייט פון סטרייק. (דער אָנגעקלאָגטער איז אַ באָס, האַלט 14 אַרבייטער און האָט זיך ענטזאַגט נאָכצוגעבען די פאָדערונג פאַר 44 שטונדען אַרבייט אַ וואָך.) דער פאַרטרעטער פון ברענטש האָט ערקלערט, אַז די קלאַגע איז פון זיי אונערזוכט געוואָרען. דער סטרייק איז געוועזען אַ פאַר־לאָרענער און דער אָנגעקלאָגטער האָט דאַן אַריינגענומען אַ טייל פון די אַרבייטער, וועלכע האָבען זיך אָפּגעריסען פון די סטרייקערס. דער ברענטש האָט באַשלאָסען צו דיסמיסען די קיים. די גריוועגס קאָמיטע האָט באַשטימט גוטצוהייסען דעם באַשלאָס פון ברענטש און ערקלערען אַז דער אָנגעקלאָגטער האָט ניט געהאַנדעלט טאַקטיש.

וועגען די אַפּיעלס פון די פּעטערסאָנער ברענטשעס ווערט באַשלאָ־סען גוטצוהייסען בלויז דעם 1טען און 3טען פּונקט, רעקאָמענדירט פון דער נאַצ. גריוועגס קאָמיטע. דער איבריגער טייל פון דעם רע־פּאָרט ווערט דאַן גוטגעהייסען.

אַלס צעהלער קאָמיטע פאַר די קאָנווענשאָן רעפערענדום באַלאָ־ טען ווערען ערוועהלט פריינדע העסקעל און שפּייער.

פּ. געליעבטער, רעקאָרדינג סעקרעטער.

## א. ר. סעמעטערי קאָנפערענץ

דער 12טער יעהרליכער קאָנפערענץ פון אַרב. רינג סעמעטערי דע־פּאַרטמענט איז ערעפענט געוואָרען שבת אבענד, דעם 19טען אַפּריל, דורך דעם טשערמאַן פון דער עקזעקוטיווע פר. גינזבורג.

אין קורצען גיט ער איבער אין אַ געלונגענער רעדע ווי די אומ־שטענדען פון לעצטען יאָהר האָבען איבערצייגט די וויכטיגקייט פון סעמעטערי דעפּאַרטמענט.

אַלס צייטווייליגער טשערמאַן ווערט ערוועהלט פריינד לעוויטאַן פון בר. 600, אַלס וויים טשערמאַן פר. העסקעל בר. 49, אַלס סעקרעטאַ־ריאַט די פריינדע סינגער פון בר. 410 און יאסער פון בר. 336. פאַר קרעדענשעל קאָם. ווערען ערוועהלט די פריינדע שקלאַר פון בר. 231, בערמאַן פון בר. 560 און ריסין פון בר. 115.

פריינד גינזבורג, טשערמאַן פון דער עקזעקוטיווע, גיט איבער אַ באַריכט פון דעם גאַנצען יאָהר אַרבייט. ער צייגט אויף די שוועריג־קייטען, וואָס דער סעמעטערי דעפּאַרטמענט און פאָלגליך אויך די סע־מעטערי קאָמיטע און דער אָפיס האָבען געהאַט דיעזען יאָהר צוליעב דער עפּידעמיע דורכצופיהרען די אַרבייט צו אַלעמענס צופריעדענהייט. אויסער זיך, האָבען זיי אויך געדאַרפט באַזאָרגען פיעלע שטעדט און שטעדטלאַך אַרום ניו יאָרק מיט מיטלען און וועגען ווי אַזוי זיך אַרויסצודרעהען פון דער אונערוואַרטעטער און גאָלגליך ניט פאַרבע־רייטעטער אַרבייט צו באַערדיגען אַלע פריינד, וועלכע די עפּידעמיע האָט פון אונז פריהצייטיג צוגענומען. נאָך פיעלע אינטערפּעלאַציעס פון דעלעגאַטען, וועלכע ווערען פון פר. גינזבורג פאַרענטפערט צו אַלעמענס צופריעדענהייט, ווערט באַשלאָסען איינשטימיג גוטצוהייסען דעם רעפּאָרט מיט דער אויסנאַהמע פון 3 פּונקטען ווי: די פראַגע פון בר. 2, בר. 149, און וועגען זייער אַנשטעלען דעם פיונעראל דירעקטאָר. וועגען בר. 2 און 149 ווערט באַשלאָסען, אַז אַזוי שנעל ווי דער קאָנ־פערענץ וועט אויסהערען די קאָמיטעס פון די דערמאָנטע ברענטשעס און אויך די ערקלערונג פון דער סעמעטערי קאָמ., זאָל די קאָנפערענץ ערוועהלען פון זיך 2, וועלכע זאָלען ריידען דאַפיר און 2 דאגעגען און וועגען דער אָנשטעלונג פון פיונעראל דירעקטאָר זאָלען אַלע דע־לעגאַטען קענען אַרויסזאָגען זייער מיינונג.

עס רעפּאָרטעט די קרעדענשעל קאָמיטע.

עס זיינען פאַרטראָטען 132 ברענטשעס דורך אַזוי פיעל דעלע־גאַטען און רעקאָמענדירט אַלעמען צוצולאָזען. די רעקאָמענדאַציאָן ווערט אָנגענומען און דער באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

עס ווערט פאַרהאַנדעלט די פראַגע וועגען דער אָנשטעלונג פון פיונעראל דירעקטאָר. נאָך פיעל וואַרעמע און איטערעסאַנטע דעבאַ־טען שטעלט זיך אַרויס די גוטעס וואָס דער פיונעראל דירעקטאָר האָט אויפגעטאָן און וויפיעל טראָבעל און געלד ער האָט פאַרשפּאָרט דעם סעמעטרי דעפּאַרטמענט און די ברענטשעס, און ס'ווערט באַשלאָסען גוטצוהייסען די האַנדלונג פון דער עקזעקוטיווע פאַר דער פאַרגאַנ־גענער צייט, אָבער אויב זיי וועלען איך געפינען פאַר נויטיג אויף ווייטער אָנצושטעלען אַ פיונעראל דירעקטאָר זאָל עס אַרויסגעשיקט ווערען צו אַ רעפערענדום צו אַלע ברענטשעס.

מיט דעם ווערט געשלאָסען די ערשטע זיצונג.

די צווייטע זיצונג — זונטאג דעם 20טען אַפּריל.

אַלס טשערמאַן ווערט ערוועהלט פר. גאָלדין פון בר. 1 און אַלס וויים שערמאַן פר. פּאָמעראַנץ. אַלס סעקראַטאַריאַט ווערען ערוועהלט די פריינדע ס. בערנשטיין פון בר. 247 און ב. לעוויט פון בר. 83. פאַר רעקאָמענדיישאָן קאָמיטע ווערען ערוועהלט די פריינדע: גראָס־מאַן פון בר. 177 העסקעל פון בר. 49, וואלאוויץ פון בר. 43, בעקער פון בר. 501 און האָרן פון בר. 213.

עס ווערט צוגעלאָזען אַ קאָמיטע פון בר. 2 מיט אויסזעצונגען געגען אָפיס און סעמעטערי קאָמ. וועגען דער האַנדלונג צו זייערען אַ מעמבער, ביי וועלכען די פרוי איז געשטאָרבען אין דער צייט פון דער עפּידעמיע. זיי צייגען, דאָס דער מעמבער איז געוועזען געצוואונגען דורך דער האַנדלונג פון דעם אָפיס צו באַערדיגען זיין פרוי אויף אַן אַנדער סעמעטערי און אַזוי ווי עס איז געוועזען אונמעגליך צו שליכטען די פראַגע מיט דער סעמעטערי קאָמ., פאַרלאַנגען זיי, אַז די קאָנפערענץ זאָל ערוועהלען אַ קאָמיטע צו אונטערזוכען די גאַנצע אַנגעלעגענהייט און ברענגען עס צו אַן ענדע.

מיסס אַש, אַלס סעקרעטערין פון אָפיס, ערקלערט, אַז דער מעמבער פון בר. 2, ווען ער האָט געשיקט זיין שוואָגער בעטען אַ פּערמיט צו באַערדיגען זיין פרוי אויף דער אַ. ר. סעמעטערי, איז אַנטלאָפען פון אָפיס נאָך בעפאָר ער האָט געקראָגען אַ פולע ערקלערונג, און די הויפּט אורזאַך ווארום זיין פרוי איז ניט באַערדיגט געוואָרען אויף אונזער סעמעטערי איז, ווייל ער האָט זיך ענטזאַגט צו וואַרטען אויף זיין נעקסט, וואָס האָט געמוזט געדויערען ביי 24 שטונדען, צוליעב דער גרויסער עפּידעמיע, און ער האָט נאָר געוואָלט אַראַנזשירען זיין אייגענעם אָנדערטייקער, וואָס איז ניט ערלויבט ביים סעמעטערי דע־פּאַרטמענט.

פר. גינזבורג, טשערמאַן פון עקזעקוטיווע, לעזט פאַר איינינגע אויסציגע פון זייערע פּראָטאָקאָלען וועגען זייערע פאַרהאַנדלונגען מיט בר. 2 און ער איבערצייגט אַז דער פריינד פון בר. 2 האָט זיך ענטזאגט צו האַנדלען לויט די רולס און געזעצע פון סעמעטערי דעפּ. און ניט וואַרטענדיג אויף קיינע ערקלערונגען און איבערצייגונגען האָט ער געמאַכט די פיונעראל דורך זיין אייגענעם אָנדערטייקער אויף אַ פרעמדער סעמעטערי. די פיונעראל עקספּענסעס האָט ער געקראָגען אויסגעצאָהלט און וועגען דער קרקע האָט בר. 2 געמעגט וויסען אַז דער סעמעטערי דעפּאַרטמענט גיט נור קרקע, אָבער ניט קיין געלד צו קויפען קרקע און דארויף געפינט ער זייער קלאַגע אונבאַגרינדעט.

אויסהערעדיג ביידע צדדים און נאָך דעבאַטען פון צוויי פאַר און צוויי געגען איז די האַנדלונג פון דער סעמעטערי קאָמיטע גע־וואָרען גוטגעהייסען.

אַ קאָמיטע פון בר. 149 ערקלערט, אַז זיי האָבען זיך געווענדעט צום סעמעטערי דעפּ. מען זאָל אַריינגעמען זייערע 110 מעמבערס (אַ טייל פון זייער ברענטש), וועלכע ווילען באַלאַנגען צום אַרב. רינג סעמעטערי, ניט אַכטעדיג דאָס די 110 פון בר. האָבען נאָך פון בעפאָר איידער זיי זיינען געוואָרען אַ ברענטש פון אַ. ר., אַ שטיק סעמעטערי. די קאָמיטע ערקלערט אויך, אַז נאָך פיעלע פאַרהאַנדלונגען פון בר. און סעמ. קאָמ. איז די 110 מעמבערס ענטזאזט געוואָרען אַריינצו־נעמען, ווייל זיי ענטזאגען זיך צו פאַרקויפען די סעמעטערי, וועלכע זיי באַזיצען פון בעפאָר, צום סעמעטערי דעפּאַרטמענט, און דארויף פאַרלאַנגט בר. 149 פון קאָנפערענץ, אַז זיי זאָלען אַרויסזאָגען זייער מיינונג צי די 110 מעמבערס דאַרפען אַריינגענומען ווערען, לויט

דער קאָנסטיטושאַן, אַלס מעמבער צום אַ. ר. סעמעטערי.

פר. קופערמאַן און פר. גינזבורג פון סעמ. קאָם. ציינען אויף, אַז דער פאָרשלאַג איז געקומען פון ברענטש אַליין מיט אַ ביטע אַז מען זאָל ראַטעווען די האַרמאָניע פון ברענטש און צונעמען פון זיי די סעמעטערי. און די סעמ. קאָם., נאָך פיעלע פאַרהאַנדלונגען, האָט באַשלאָסען, אַז מען זאָל די סעמעטערי אָפּקויפען, ניט אַכטענדיג וואָס עס איז ניט קיין גרויסער באַרגיין, ווייל ווי דער בר. 149 האָט ערקלערט, שטערט די סעמעטערי זייערע דעם פריעדען אין ברענטש. אָבער דערנאָך האָט דער ברענטש באַשלאָסען, אַז פאַרקויפען די סעמעטערי ווילען זיי שוין ניט, נאָר זיי פאַרלאַנגען אַז מען זאָל אַרייננעמען זייערע 110 מעמבערס, וועלכע ווילען באַלאַנגען צו דער אַ. ר. סעמעטערי. מיר האָבען פאַרלאַנגט פון בר. 149, דאָס אויב זיי ווילען מיר זאָלען יעצט אַרייננעמען זייערע 110 מעמבערס, מוזען זיי צו אונז פאַרקויפען זייער סעמעטערי, ווייל צוליעב דער עפּידעמיע זיינען אונזערע אַלע סעמעטעריס איבערפילט געוואָרען און צו די עטליכע קברים, וועלכע מיר האָבען נאָך ליידיגע, קענען מיר יעצט ניט אַרייננעמען זייערע 110 מעמבערס, וועלכע זיינען נאָך אין עלטערע יאָהרען. און מיר האָבען זיי ערקלערט, אַז דערווילע זיינען דאָך די 110 מעמבערס פון בר. 149 אויסער געפאַהר, ווייל אויב עס זאָל פּאַסירען אַ טויטען־פאַל, האָבען זיי דאָך זייער אייגענע סעמעטערי, און אַזוי שנעל ווי מיר וועלען נאָר עפענען די נייע סעמעטערי, וועלען מיר זיי אַרייננעמען. אויך די קאָנסטיטושאַן גיט אונז אַ רעכט אַזוי צו האַנדלען אין אַן אויסערגעוועהנליכען פאַל.

פר. גאָלדין, טשערמאַן פון קאָנפערענץ, ערקלערט, אַז די סעמ. קאָם. האָט שלעכט פאַרשטאַנען די קאָנסטיטושאַן, און די קאָנפערענץ, נאָך פיעלע דעבאַטען, באַשליסט, דאָס די קומענדע עקזעקוטיווע זאָל די 110 מעמבערס אַרייננעמען צו די דזשענעראַל אַ. ר. סעמעטערי לויט די פאָרשריפטען פון דער קאָנסטיטושאַן.

עס ווערט באַשלאָסען אויסצודריקען אַ דאַנק די סעמעטערי עקזעקוטיווע פאַר איהר ערפאָלגרייכער אַרבייט אין אַזאַ שווערען יאָהר צוליעב דער עפּידעמיע.

די רעקאָמענדיישאַן קאָם. ברענגט אַריין פאָלגענדע רעקאָמענדיישאַנס און ווערען אָנגענומען:

1) עס זאָל געשיקט ווערען צו אַ רעפערענדום וועגען אַ 3 סענט טעקס, אום אויסצוהאַלטען דעם סעמעטערי דעפּאַרטמענט.

2) דעפּאָזיטס פאַר שטיינער זאָלען זיין ניט 15 דאָלאַר, נאָר 2[illegible] דאָלאַר, און ניט 2 דאָלאַר, נאָר 3 דאָלאַר.

3) די קאָנפערענץ רעקאָמענדירט צו דער קאָנווענשאַן פון אַ. ר. ס זאָל געמאַכט ווערען אַ 5 סענטיגער טעקס פאַר דעם פיונעראַל פאָנד אַר'ן קומענדען יאָהר.

4) די קומענדע עקזעקוטיווע זאָל איינפיהרען דאָס פיונעראַלס זאָלען זיין מיט אויטאָמאָבילס.

5) עס זאָל ערוועהלט ווערען אַ 5ער קאָנסט. קאָם., וועלכע זאָל צוזאַמען מיט דער עקזעקוטיווע רעווידירען די קאָנסטיטושאַן און ברענגען זייערע רעקאָמענדיישאַנס צום נעקסטען קאָנפערענץ.

6) די קומענדע עקזעקוטיווע זאָל אויסאַרבייטען פּלענער און ברענגען צום נעקסטען קאָנפערענץ, דאָס שטיינער זאָלען געשטעלט ווערען פון סעמ. דעפּאַרטמענט און ניט ברויכען צו נעמען קיינע דעפּאָזיטס.

7) די יעצטיגע עקזעקוטיווע, אויב עס וועט זיין נויטיג, זאָלען קויפען נייע סעמעטערי, אָבער זאָלען זיך באַראַטען מיט דער נייער עקזעקוטיווע.

עס ווערט אויך באַשלאָסען, דאָס אויב עס זאָל אָנגענומען ווערען ביי אַ רעפערענדום, אַז אַ פיונעראַל דירעקטאָר זאָל אויף ווייטער אָנגעשטעלט ווערען, זאָל זיין געהאַלט געדעקט ווערען פון סעמ. דעפּ., אָבער ניט פון די ברענטשעס.

עס ווערט פאָרגענומען וואַהל פאַר עקזעקוטיווע, קאָנטראָל און קאָנסטיטושאַן קאָמיטעס פאַר'ן קומענדען יאָהר.

פאָלגעדע 6 מעמבערס צו דער עקזעקוטיווע זייען ערוועהלט געוואָרען צו די אַלטע 3, וועלכע פאַרבלייבען פון לעצטען יאָהר: גאָלדין פון בר. 1, ס. בערנשטיין פון בר. 247, פינקעלשטיין פון בר. 216, גראָסמאַן פון בר. 177, אייבראַהאַמס פון בר. 43 און גאָלדינג פון בר. 367. די אַלטע דריי: קופערמאַן פון בר. 12, מאלאט פון בר. 183, מיסעס ברוידי פון בר. 164.

פאָלגענדע 9 זיינען ערוועהלט געוואָרען פאַר דער קאָנטראָל קאָמיטע: קראַפקא פון בר. 235, קאָהען פון בר. 500, פרידבערג פון בר. 5, סקלאַר פון בר. 231, פינקעלשטיין פון בר. 3, פאוזעס פון בר. 87, בערמאַן פון בר. 560, רובינשטיין פון בר. 91 און חעלער פון בר. 5.

פאָלגענדע 5 זיינען ערוועהלט געוואָרען פאַר דער קאָנסטיטושאַן קאָמיטע: גינזבורג פון בר. 1, בעצאַהלער פון בר. 42, ראָטהמאַן פון בר. 195, קרינסקי פון בר. 231 און העסקעל פון בר. 49.

עס ווערט פאָרגענומען דער באַריכט פון קאָנטראָל קאָמיטע און ווערט גוטגעהייסען, און ס'ווערט באַשלאָסען זיי צו באַדאַנקען פאַר דער אַרבייט.

סעקרעטאַרין מיסס אַש באַריכטעט וועגען דעם פינאַנציעלען צושטאַנד פון סעמ. דעפּ. צו אַלעמענס צופריעדענהייט. עס ווערט באַשלאָסען אויסצודריקען איהר אַ דאַנק פאַר איהר גוטער אַרבייט.

עס ווערען אויך איינשטימיג אָנגענומען רעזאָלוציאָנען געגען דער נייער גזרה פון מעיאָר היילען, ווי אויך געגען דער מערדערליכער האַנדלונג פון אַריינוואַרפען אין דער תפיסה אונזער אַלעמען באַליעבטען און נאָבעלען גענאָסע יודזשין וו. דעבס.

ס. בערנשטיין, ב. לעווויט, סעקר.

# פון אונזער קאָרעספּאָנדענץ-טיש

## וועגען דער ברוקלינער טעריטאָריע

ס'איז זיכער אַז די קאָנווענשאַן האָט ניט געקענט צולאָזען די יי ברוקלינער אַלס פול־באַרעכטיגטע דעלעגאַטען מיט שטימרעכט, ייל ברוקלין האָט ניט געהאַט געזעצליך קיין באַזונדערע טעריטאָריע אָנפערענץ. אָבער אָפּ'פטר'ען זיי מיט גאָרניט האָט די קאָנווענשאַן נדערסטוועגען ניט געטאָרט. די דעלעגאַטען האָבען געדאַרפט אויפ־מען די ברוקלינער פראַגע פאַר די צוקינפטיגע קליינע קאָנווענשאַנס. ין דער עצם פראַגע פון האָבען אַ באַזונדער טעריטאָריע זיינען די וקלינער דאָך פאָלקאָם גערעכט. פאַר די לעצטע עטליכע יאָהר איז וקלין געווען באַרויבט פון איהרע רעכטע צו זיין רעפּרעזענטירט ו די אַ. ר. קאָנווענשאַנס און ביי די יעצטיגע סיסטעם, ווי ניו יאָרק וועהלט דעלעגאַטען, וועט ברוקלין קיינמאָל ניט האָבען די מעג־כקייט צו האָבען איהרע פאַרשטעהער צו אונזערע קאָנווענשאָנס. ום, ווייל די עקזעקוטיווע, צוליעב די מיינונגס־פאַרשיעדענהייטען אָס עס הערשט צווישען זיי מיט די ברוקלינער אַ. ר. טוערס, דער־זען ניט די ברוקלינער קומען צו דער עפענטליכקייט. דערפאַר איז לס, אויב ניט דעמאַגאָגיש (!), די טענה פון דער עקזעקוטיווע, ווייל חאַרלעם און בראָנקס האָבען ניט קיינע באַזונדערע טערי־ריע קאָנפערענצען דאַרף ברוקלין אויך ניט האָבען. חאַרלעם און אָנקס זיינען פון דער עקז. ניט באַ'עולה'ט געוואָרען—שווייגען זיי ער ברוקלין אַלס פּאָליטישע געגנער וויל די עקז. ניט צולאָזען צו אַ. ר. קאָנווענשאַנס און דערפאַר פאָדערען זיי מיט רעכט אַ באַ־נדערע טעריטאָריע קאָנפערענץ, וואו זיי וועלען אויך האָבען אַ מעג־כקייט צו ערוועהלען זייערע דעלעגאַטען און לאָזען הערען זייער אָרט. ס'איז זעהר נאַאיוו פון אונזערע פיהרער צו דענקען, אַז ן קען זיי גלויבען אויפ'ן וואָרט ווען זיי ערקלערען אַז זיי האָבען ינע פּאָליטישע כוונות ניט ווען זיי טיילען איין די עלעקשאָן דיסטריקטען. די פאַקטען ווייזען עפּעס אַנדערש. אונזער טרענטאָנער דיסטריקט האָט אימער געהאַט אַ באַזונדערען דיסטריקט, וואו מיר פלעגען ערוועהלען אונזער דעלעגאַט, זיינען מיר אָבער פּאָליטיש ניט גאָר כשר, האָט מען אונז לעצטען יאָהר דורך אַ „פריקאַז" געלאָזט וויסען, אַז אונזער דיסטריקט איז אָפּגעשאַפט און מען האָט אונז צוגעזעצט צום נוּאַרקער דיסטריקט מיט דער כונה אַז אין נוּאַרק וועלען מיר ווערען בטל בששים. האָבען זיי אָבער נאָכהער אויסגעפונען, אַז די גרויסע צאָהל שטימען פון בר. 90 צוזאַמען מיט די נוּאַרקער אינסורגענטען האָבען ניט בטל געמאַכט דעם טרענטאָנער ברענטש, נאָר האָבען געהאַלטען ביים פאַרכאַפּען דעם גאַנצען נוּאַרקער דיסטריקט און השבנו נאַזאַד. דעם יאָהר האָט מען אונז שוין ווידער באַשטימט אַ באַזונדער טעריטאָריע קאָנפערענץ. מערקט נור, אין איין יאָהר האָבען זיי צוויי מאָל געשניטען אונזער דיסטריקט ניט פרעגענדיג ביי אונז, און אַלץ אָהן פּאָליטישע חשבונות? ס'איז אַזוי קלאָר, אַז די ברוקלינער ברענטשעס האָבען קיין אַנדער מעגליכקייט ניט צו ערוועהלען זייערע דעלעגאַטען ווי נאָר דורך אַ באַזונדערער קוריע און זיי דאַרפען עס קריגען. איך זעה איבערהויפּט ניט איין דעם יושר, אַז באָקסט פון באָסטאָן ווערט ערוועהלט דורך דער ניו־יאָרקער קאָנפערענץ און סמיט אָדער אָשינסקי פון ברוקלין, טעטיגע אַ. ר. מעמבערס, זאָלען ניט האָבען די מעגליכקייט צו זיין דעלעגאַטען.

ר. אַרלין, בר. 90, טרענטאָן.

פון דער רעדאַקציע: אַ שאָד נאָר, וואָס פר. אַרלין דערצעהלט אונז ניט וועגען די מיינונגס־פאַרשיעדענהייטען וואָס עס הערשען צווישען דער עקזעקוטיווע און די ברוקלינער ברענטשעס, מעגליך, אַז מיר וואָלטען דעמאָלט מיט איהם איינגעשטימט וועגען די „פּאָליטישע" כוונות פון דער עקזעקוטיווע. אָבער מיר זיינען זיך מודה ומתודה אויף אונזער אונוויסענהייט וועגען

וועלכע עס איז מיינונגס-פארשיעדענהייטען צווישען ניו־יארק און ברוקלין. און ווייל אייער גאנצע טעאריע, פר. ארלין, שטיצט זיך אויף די „מיינונגס-פארשיעדענהייטען", דענקט איהר נישט, אז איהר האט א חיבש ביסעל געזינדיגט געגען דער אלגעמיינער עטיק מיט אייער שלידערען באשולדיגונגען געגען דער עקזעקוטיוו. נאך אלע־מען איז אייער ראיה פון טרענטאן נאר א שפיגוועבסדיגע היפאטעזע, וואס קען אייך זיין גענוג פיליכט צו טראגען ביי זיך אין מוח א פארדאכט, אבער נישט עפענטליך אנקלאגען דרייסיג טוער פון א. ר. אין אומאויפריכטיגקייט.

## פיטסבורגער דיסטריקט קאמיטעט

די פיטסבורגער דיסטריקט קאמיטע מיטעט אין סטובענוויל, און נאכדעם ווי פר. ש. ראבינאוויץ פון סטובענוויל ערקלערט די וויכטיגע ארבייט, וואס דער סטובענווילער ברענטש 296 א. ר. האט אויפגעטאן פאר זיין גאר קורצער עקזיסטענץ, באגריסט ער די דעלעגאטען פון פיטסבורגער דיסטריקט. עס ווערען ערוועהלט אלס טשערמאן ש. ראבינאוויץ, בר. 296, סטובענוויל, א.; וויים טשערמאן מ. דזשענקינס. בר. 45, פיטסבורג; סעקרעטער ה. ב. באזעלל, בר. 161, מאנעסען.

צעהן ברענטשעס זיינען פארטראטען דורך די פאלגענדע דעלע־גאטען. בר. 45 דורך 6 דעלעגאטען: ארקין, ווייסבערג, אשרי, דזשענקינס און שאפירא; בר. 250 דורך 2 דעלעגאטען: ס. טעקסי און גערס; בר. 104 דורך מיסס מאללי קלאטקין; בר. 158, אלטאנא, פא., דורך א. בערמאן; בר. 161, מאנעסאן, דורך ה. ב. באזעלל; בר. 296, סטובענוויל, דורך ש. ראבינאוויץ; בר. 416, ווהילינג, וו. ווא., דורך מ. קראכמאן; בר. 431, איסט פיטסבורג, דורך מ. קופער; בר. 590, קאנעלסוויל, פא., דורך א. גארדאן; בר. 617, ביווער פאלס, דורך ה. מארקס. צוזאמען 16 דעלעגאטען. די דעלעגאטען מ. בארים פון בר. 384, דזשאנסטאן, און ס. דייוויס פון בר. 488, ניו קענזינג־טאן, זיינען אפוועזענד.

פר. ארקין, דער דיסטריקט סעק., לעזט פאר דעם פראטאקאל פון לעצטען פיטסבורגער קאנפערענץ. דער פראטאקאל ווערט גוטגעהייסען.

דער עקז. סעקרעטער גיט אפ א 3 מאנאטליכען באריכט. די ע. ק. האט געהאט בלויז 3 זיצונגען פונדעסטוועגען האט זי דאך געטאן גוטע ארבייט, מיט וועלכער דער גאנצער דיסטריקט וועט זיין צו־פריעדען. דאס ערשטע, וואס די עקז. קאמ. האט געטאן, איז צו אינסטאלירען דעם סטובענווילער ברענטש, און 50 דאלאר איז דארט געזאמעלט געווארען פאר די מלחמה קרבנות. די קאמיטע האט אויך ארגאניזירט א ריעזיגען מאסמיטינג און קאנצערט אין ביווער פאלס צו דער אינסטאלירונג פון דעם נייעם ברענטש, און כאטש מען האט דארט דעם עולם אנגעשראקען ניט צו געהן צו דעם מיטינג, ווייל דער מיטינג איז א באלשעוויסטישער, איז דאך געג. סיגעל און געג. באזעל געלונגען איינצושטילען די אידען פון ביווער פאלס, און אויסער וואס דער קאנצערט איז דורכגעפיהרט געווארען מיט גרויס ערפאלג, איז נאך א סומע פון 291 דאלאר געזאמעלט געווארען פאר די מלחמה קרבנות. די עקז. קאמ. פיהרט יעצט אן פארהאנדלונגען וועגען גרינ־דען נייע ברענטשעס אין ברעדאק, מעקיספארט, דוקיין און דובאיס. ניו־קענזינגטאנער ברענטש האט מען אויפגעלעבט. מען האט דארט ארגאנזשירט א קאנצערט און א באדייטענדע סומע איז געזאמעלט גע־ווארען פאר די מלחמה קרבנות.

מיט דער הילף פון דער עקז. קאמ. ווערט אויך ארגאנזשירט א גרויסער מאסמיטינג און קאנצערט אין קאנעלסוויל אונטער דער אויפ־זיכט פון דעם דארטיגען ברענטש. די גאנצע איינגאהמע געהט פאר די מלחמה קרבנות. דאס וועט אויך אוועקשטעלען דעם קאנעלס־ווילער ברענטש אויף זיין ריכטיגען פלאץ נאך א לאנגען שטילשווייגען. א קאמפיין־לעטער איז ארויסגעשיקט געווארען צו אלע מעמבערס פון דיסטריקט דורך זייערע ברענטשעס, אויפמאנטערנדיג זיי ארויינצו־נעמען וואס מעהר מעמבערס אין דעם הייריאהריגען קאמפיין, אויך פארשפרעכענדיג אלס מתנה פון דער דיסט. קאמ. א סעט ביכער צו יעדען מעמבער וואס וועט פארשלאגען 5 נייע מעמבערס און מעהר.

פר. ארקין באריכטעט אויך, אז א געוויסער ברענטש האט זיך געווענדעט נאך א רעדנער אום צו באגריסען זיי צו דער ערעפענונג פון זייערע אייגענע קלאב רומס און לייברערי, און דערפאר ווייל מען האט זיך ניט געווענדעט דירעקט צו איהם אלס סעקרעטער פון דיסטריקט, איז די בימע פארנאכלעסיגט געווארען און קיין רעדנער צו באגריסען דעם זאגענאנטען ברענטש האט מען ניט געשיקט. אין דיעזער פראגע ווערט דער סעקרעטער א ביסעל קריטיקירט, אבער דער דעלעגאט ה. ב. באזעל פון בר. 161, מאנעסאן, דער באטרעפענדער ברענטש, וואס איז ניט באגריסט געווארען צו דער ערעפענונג פון זייער לייברערי, האט באגרוהיגט אלעמען, אז קיין גרויס געפאהר איז ניט געווען, עס איז געווען א טעות, און אלע זיינען געווארען רוהיג און צופריעדען.

רעפארט פון סעקרעטער ווערט גוטגעהייסען און די עקזעקוטיוו קאמ. ווערט באדאנקט פאר זייער גוטער ארבייט.

אלע דעלעגאטען גיבען אפ רעפארטס פון דער טעטיגקייט פון זייערע ברענטשעס, און פון איבעראל זיינען די רעפארטס זעהר ער־פרעהענד. א פארשלאג ווערט איינשטימיג אנגענומען, אז די דיסטריקט קאנפערענץ פאדערט אויף אלע ברענטשעס פון גאנצען דיסטריקט צו נעהמען א שטארקען אנטייל אין פראטעסט־מיטינגען געגען די פאג־ראמען אין פוילען, סיי צו ארגאנזשירען דאס אליין, סיי צוזאמען מיט אנדערע ארגאניזאציאנען.

פר. קופער פון איסט פיטסבורג באריכטעט, אז דער דארטיגע[...] ברענטש ארגאנזשירט א ריעזיגען פראטעסט מיטינג צוזאמען מיט אל[...] אויסלענדישע עלעמענטען, אזעלכע ווי סלאוואקען, אוקראינער, קראע[...] שאנס א. אז. וו.

א פארשלאג ווערט איינשטימיג אנגענומען, אז א קאמיטע פו[...] 2 סטובענווילער זאל ארויינשיקען פראטעסט רעזאלוציעס געגען ד[...] פאגראמען אין פוילען אין דער סטובענווילער פרעסע, און די קאמיט[...] זיינען געג. ראבינאוויץ און בירמאן.

א פארשלאג ווערט אנגענומען צו באדאנקען געג. סידער פו[...] פיטסבורגער דראמאטיק קלאב פאר זיין הילף וואס ער גיט דע[...] דיסטריקט קאמיטע אויף זייערע אלע קאנצערטען. פר. בירמאן ווער[...] ערוועהלט אין דער עקז. קאמ. אויפ'ן פלאץ פון פר. חייקין פון אל[...] טונא, ביווער פאלס און איסט פיטסבורג. איסט פיטסבורג קריגענדי[...] מעהר שטימען וועט האבען די נעקסטע זיצונג.

## וועגען קאנפערענץ פון די א. ר. כארען

עס זיינען שוין פאראן יעצט א. ר. כארען אויסער ניו־יארק או[...] אין פעטערסאן, דעטראיט, טאראנטא, שיקאגא, מילוואקי, אויסער ד[...] קינדער־כארען פון די א. ר. שולען, און עס וואלט שוין צייט גע[...] צו האבען א שטיקעל קאנפערענץ צו באטראכטען איניגע וויכטיג[...] פראגען, ווי א קאנטראל איבער די ליעדער, פינאנציעלע מיטלען, ע[...] זאל נישט פאלען די גאנצע לאסט אויף די מיטגליעדער פון די כארע[...] אליין א. אז. וו. די עדיוקיישאנאל קאמיטע האט געדארפט א קל[...] טאן וועגען דעם.

עקזעק. פון א. ר. כאר, פעטערסאן

## נייע-בעאמטע אין בר. 612

בר. 612 האט ערוועהלט פאלגענדע בעאמטע פאר די נעקסטע[...] מאנאטען: פר. י. ראזענוואלד, רעק. און פינאנס סעק.; טשאר[...] האסענד, טרעזשורער, און פ. פרידמאן, האספיטאלער. דעם 15ט[...] יוני איז געווען אינסטאלליישאן, וואו מ'האט הערצליך באדאנקט פ[...] י. ראזענוואלד פאר זיין גוטער ארבייט אלס סעקר. אויך פר. סיימא[...] דער געוועזענער טרעזשורער, און פר. פרידמאן, דער האספיטאלע[...] זיינען באדאנקט געווארען פאר זייער ארבייט, ווי אויך פר. סאלא[...] אין וועמענס הויז די אינסטאלליישאן איז פארגעקומען.

וו. ראזענטאל, סעק.

## ווען וועט שיקאגא האבען א לייבאר לייסעאום?

ח. י. קאחען, מעמבער בר. 540, שיקאגא, שרייבט אונז[...] שוין אונגעפעהר א יאהר פינף אדער זעקס, אז די סיטי סענטר[...] קאמיטע פון ארבייטער רינג אין שיקאגא האט ערוועהלט א לייבא[...] לייסעאום קאמיטע, וועמענס אויפגאבע עס איז צו זאמלען געלדער פ[...] א לייבאר לייסעאום, אין וועלכען שיקאגא נויטיגט זיך זעהר שטאר[...] פאר די עטליכע יאהר האט די אויבען־דערמאנטע קאמיטע ש[...] דורכגעפיהרט א סך אונטערנעהמונגען און אויך אן אכציג־סענטיג[...] טעקס אויף אלע מיטגליעדער. היינט צו טאג געפינט זיך אין ד[...] לייבאר־לייסעאום פאנד אונגעפעהר צעהן טויזענד דאלאר.

מען קען אויך פארקויפען טויזענדער שערס צו צעהן דאלאר[...] שער. ווען מיר זאלען אפילו רעכענען, אז בלויז 25 פראצענט [...] די ארבייטער רינג מיטגליעדער זאלען קויפען בלויז צו איינצי[...] שערס, איז דאך, דאכט זיך, גוט, וואלט מען שוין, דאכט זיך, גע[...] א קלער טאן וועגען אנפאנגען בויען, אבער עס פאנגט זיך גאר ניט [...] מיט א פאר יאהר צוריק איז געווען א פראגע וואו, אין וועלכען ט[...] פון שטאדט, זאל מען בויען א לייבאר לייסעאום? עס איז ארו[...] געשיקט געווארען א רעפערענדום, די מיטגליעדער האבען באשלאס[...] מיט זייערע שטימען, אז דאס פאסענדע פלאץ איז אין דישקלאס געגע[...] און עס איז שוין געקויפט געווארען „לאטס" פאר דיעזען צוועק. [...] ארבייט האט זיך אבער פארצויגען צוליעב דער מלחמה. עס איז טייז[...] מאטעריאל, ניטא גענוג ארבייטער, כאטש פאר דער צייט האבען פיע[...] קלענערע שטעדט ווי שיקאגא אויסגעבויט לייבאר לייסעאומס.

לצעטנעס האט זיך שוין יא א ביסעל אנגעפאנגען רודערען. [...] לייבאר לייסעאום קאמיטע האט אנגעפאנגען אויסצוארבייטען פלענ[...] האבען זיך אונזערע אויטאריטעטען אין פארלאמענטארישע געזעצע א[...] געפאנגען פשטל'ען, אאם די לייבאר לייסעאום קאמיטע מעג און [...] זי טאר ניט, וואס עס דארף גוטגעהייסען ווערען פון דער סיטי סע[...] טראל קאמיטע און וואס עס דארף געהן צו א רעפערענדום, און [...] אזעלכע טעארעטישע פראגען.

וואס הערט זיך אביר וועגען א לייבאר לייסעאום? דיעזע פרא[...] פרעגען די שיקאגא'ר מיטגליעדער. דערווייל פלאגען זיך די ברענטש[...] ניט האבענדיג קיין באקוועמע פארזאמלונגס-פלעצער.

עס איז צייט, אז די לייבאר לייסעאום קאמיטע זאל זיך א [...] טאן ערנסט צו דער ארבייט. שיקאגא'ר מיטגליעדער זיינען צופריעד[...] צו געבען געלד, זיי ווילען האבען א לייבאר לייסעאום, א גייסטיג[...] צענטער פאר'ן ארבייטער רינג און פאר דער גאנצער ארבייטער ב[...] וועגונג פון שיקאגא. צו דער ארבייט, פריינדע! איהר וועט האב[...] די מאראלע און פינאנציעלע שטיצע פון אלע מיטגליעדער פון א[...] און אויך פון דער סאצ. פארטיי און יוניאנס, אויב איהר וועט ד[...] פארלאנגען פון זיי.

## באריכטען

פר. ראָזענבערג, פון בר. 538, פעטערסאָן, שרייבט אונז:

ביי אַ שמחה פון אונזערע אַ מעמבער האָבען מיר געזאַמעלט $11.26 פאַר'ן רעליעף פאָנד און מיר שיקען עס אייך יעצט דורך אַ טשעק. צום קאמפיין פאַר'ן רעליעף פאָנד, וואָס די עקזעקוטיווו האָט לעצטען יאָהר אַנגעפיהרט, האָבען מיר בייגעשטייערט 50 דאָלאר און עס טוט אונז לייד וואָס דיזעזען מאָל קענען מיר דאָס זעלבע ניט טאָן, גראַדע האָבען מיר יעצט אַ וועבער סטרייק אין פּעטערסאָן און די מייסטע מעמבערס אונזערע סטרייקען. און כאָטש מיר האָבען בלויז איבער 50 מעמבערס שטיצען מיר אונזערע סטרייקערס מיט אַלעם מעג־ליכען, מיר גיבען איבער אונזערע כחות. אונזער אָרעמע טרעזשורי שרעקט אונז גאָר ניט אָפּ, ווען עס האַנדעלט זיך אום סטרייקערס. מיר האָפען, אונז גאָר ניט אָפּ, ווען עס האַנדעלט זיך אום סטרייקערס. מיר האָפען נאָך צו פאַרבעסערען און גיבען אונזער ביישטייער צום רעליעף פאָנד.

### בר. 836, דולוטה, מינעסאָטא

דעם 6טען מאַרטש האָבען מיר געהאַט אַ בעסקעט פּאַרטי. דאָס איז געווען פאַר דעם צוועק צו העלפען אונזער קראַנקען פריינד פּאָלינסקי. די אונטערנעהמונג איז געווען אַן ערפאָלג, כאָטש בלויז 23 מעמבערס זיינען געקומען. עס איז אַריינגעבראַכט געוואָרען 80 דאָלאר. אַ גרויסען דאַנק קומט דערפאַר פר. ליטמאן, וועלכער האָט געמאַכט אַ וואַרימען אַפּיעל אַלס פאַרקויפער פון די פּעקעדזשעס. די פאָלגענדע פריינדע האָבען בייגעשטייערט קויפענדיג בעסקעטס: מייערס, $4.25; זוי־מערמאַן, 5 דאָלאר; ברוסין, בורגין, דייטש, לענט און קאַפּלאַן, צו 3 דאָלאר; סיגעל, לאַנדאַן און רובין צו 2 דאָלאר; באַרים ליפּסאַן און לאַוו צו $2.50; סינגער, $1.60; ליטמאַן, 5 דאָלאר; בערמאַן, $4.75; קאלל 4 דאָלאר. דאָניישאַנס: קאהן, 3 דאָלאר; לעווין, 2 דאָלאר; קאַרסאַן און ליטמאַן צו 1 דאָלאר; קאלל און רייזמאַן צו 50 סענט; סינגער, לאַנדאַן און קאלל צו 25 סענט.

### בראַנטש 139

דער אויפרוף פון דער נאַצ. עקזעק. פאַר 75 טויזענד מעמבערס האָט ביי אונז געפונען אַ גוטען אָפּקלאַנג. אין אַ גאַנץ קורצער צייט איז אונזער בראַנטש פאַרגרעסערט געוואָרען פון 105 מעמבערס אויף 148 מעמבערס. איבערהויפּט האָט זיך אויסגעצייכענט אין דיעזען ערפאָלג אונזער פריינד בערנשטיין, וועלכער האָט שוין אַריינגעבראַכט 11 מעמבערס. דער בראַנטש האָט באַשלאָסען צו פּרעזענטירען איהם דער־פאַר מיט אַ פּאָר גאָלדענע קאָף־באַטענס און אַ סעט ביכער פון אַר־בייטער רינג (1918). וו. אייזנער, סעק.־בר. 139 אַ. ר.

---

גענ. ב. פייגענבוים האָט אונז צוגעשיקט אַ לעטער, אַז צוליעב זיין געזונדהייט איז איהם אונמעגליך אַנוועזענד צו זיין ביי דעם באַנקעט און ער ווינשט אונז גליק.

אויך איז ערהאַלטען געוואָרען 2 טעלעגראַמען פון די פריינדע . חיימאָוויטש פון דזשעקסאָנוויל, פלארידא, און ס. וויינבערג פון ... יבערטי.

ס ע ם ל י ו ו י, רעקאָרדינג סעקרעטער.

---

### 20־יעהריגער יובילעאום פון בר. 3 א. ר. ברוקלין

דער 20טען יאהרעספעסט פון בר. 3 איז געפייערט געוואָרען ...נטאג, דעם 25טען מאַי, 1919, אין בראָדוויי קאסינא, דורך אַ מו־יקאַלישען קאָנצערט, מיט דעם אנטייל פון ה' פּיראָזשניקאָף, ליאָ ...רענשטיין, דזשאהן קאָריגליאנא און אונזער באַליעבטער פריינד יעקב ...דלער, פון „פאָרווערטס”.

נאָך דעם איז געגעבען געוואָרען אַ באַנקעט צו אַלע 450 פריינדע, ...אָס זיינען אַנוועזענד געוועזען, מיט אונזער טרעזשורער יעקב אַבראַ־...אָוויטש אַלס טאָוסטמאַסטער פון אבענד.

דער ערשטער צו באַגריסען איז געוועזען פריינד און אַלדערמאַן ...לאַדעק. ער האָט געוואונשען, אַז צו דעם 25טען יובילעאום פון ...ראַנטש זאָלען מיר שוין האָבען אומעדום סאָציאַליזם. עס האָבען אויך ...אַגריסט גינסבורג פון בר. 1, געפּנער פון בר. 2, הוימאַן פון בר. 4, ...גווין פון בר. 6, אילציג פון בר. 325, ד. אַשינסקי און יעקב אַדלער.

ס. ליווי, רעק. סעק. פון בר. 3, האָט אין זיין באַגריסונג געזאָגט, ...וואָהל מען האָט זיך געשראָקען, אַז ווען „פּראָהיבישאָנאַל רוימס” וועט ...ערען איינגעפיהרט אין אַ. ר. וועלען מיר פאַרלירען מעמבערס, זעהען ...יר, צו אונזער פרייד, אַז מיר וועלען גאָר אין גיכען דערגרייכען ...י צאָהל פון הונדערט טויזענד מעמבערס אין אַרבייטער רינג. צו ...יר זעלבער צייט לעזען מיר אין דער אידישער פּרעסע, אַז די אַנ־...דערע אָרדענס האַלטען אין פאַרלירען מעמבערס. דאָס איז דערפאַר, ...אָס ביי אונז איז ניטאָ קיין גראָססמאַסטערס, וואָס קריגען טויזענדער ...אָלאַרס אַ יאָהר פּרעזענטען, נאָר ביי אונז אין אַ. ר. איז דער פּראָס־...טער אַרבייטער, וואָס לעגט אַוועק זיינע טעג און נעכט פאַר דעם אַ. ר.

...וויטער האָבען אויך אונז באַגריסט גענ. וואַיסהאַרן, א. טעפּפער, ...ם גאָלדשטיין, לאַאן פאָנד סעקרעטער, און באַטאַשין.

די אַראַנדזשמענט קאָמיטע איז באַשטאַנען פון פאָלגענדע פריינדע: אַבראַמאָוויטש, גאָטליעב, טעפּער, ל. רעדלער, ס. באַראַנאָוויץ, שאַפּירא, ...נקעלשטיין, חעלפאַנד, ל. קאַפּעלישניק, זאַקהיים און סילוויי.

### פינסקער בראַנטש 210, ניו יאָרק.

עס איז כדאי צו פאַרצייכענען די גוטע אַרבייט, וואָס דער פּינסקער בר. 210 אַ. ר. האָט אויפגעטאָן אין דעם מעמבערשיפּ קאמפּיין און פאַר די מלחמה קרבנות.

אַלס דער איינציגער לאַנדסלייט־בראַנטש אין ניו יאָרק, האָבענדיג אַ פּראָגרעסיווען יונגען עלעמענט, האָבען מיר אין פאַרלויף פון אייניגע וואָכען אַריינגעקראָגען 70 נייע מיטגליעדער און דורכגעפיהרט אַ סוקסעספולען באַלל. עס איז געווען דער פאַרלאַנג פון בר. 210 צו דערגרייכען די צאָהל מעמבערס ביז 210, און יעצט, ווען די צאָהל איז דערגרייכט, האָבען מיר באַשלאָסען פאָרטצוזעצען אונזער אַרבייט. בר. 210 איז איינער פון די טריוע איבערגעבענע בראַנטשעס צו דער טרייד יוניאָן און צו דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. דער ערשטער בראַנטש, וואָס האָט פרייוויליג בייגעשטייערט 25 דאלאר צום שניידער סטרייק, 25 דאלאר צו דער סאָציאַליסטישע צייטונג „די קאָלל” און 15 דאלאר צו דער אידישער פעדעראַציע.

---

### ביישטייערגע פאַר'ן רעליעף פאָנד.

ה. קוטשער, 6 דאלאר; דזש. עדעלשטיין, 5 דאלאר; ס. לערנער, $1.50; דזש. בערנשטיין, $3.25; מ. שעכטער $3.25; פ. קארבער, $2.50; ס. ראָזענבלאַט, $2.50; ס. בערנשטיין, י. שפּיעלער, קלארא טרובערמאן, פ. לערנער, דזש. בראַווערמאן, ה. סעראטא, ה. גלאסער, טייטעלבוים, סמאהל, צו 2 דאלאר; ס. פלאשמאן, ב. פעכטער, גאָסי בערנשטיין, עטהעל רייטמאן, צו $1.50; ערעל מוטער, $1.25; גער־שענצוויטה, ספּיוואַק, ס. סטענהאָרן, י. אבראמאָווסקי, ה. קאָרבער, דזשאָ פּארבער, אלעקס ראפּמאן, י. ראטנער, דזשאָזעף קאטץ, קאהן, גריל, גאָלדבערג, מילסטיין, מאלאמוד, מאסקעט, שווארץ, מויסעלמאן, יאַב־לאָנסקי, אונגער, י. לערנער, דזש. לערנער, קושנער, צו 1 דאלאר; גערסאן, 50 סענט. סך הכל 75 דאלאר.

### פאַר'ן מיליאָן דאלאר פאָנד.

בר. 499, $11.25; בר. 347, 2 דאלאר; בר. 217, 15 דאלאר; בר. 420, 7 דאלאר; בר. 340, 12 דאלאר; סיטי קאָמיטע (ראָזענבערג) 50 סענט. סך הכל $47.75.

---

### בראַנטש 215 פאַר'ן מיליאָן דאלאר פאָנד.

דזש. טיקאלסקי, 2 דאלאר; דייוו סטיין, דזש. וויינבערג, ל. פיין, א. ספּריטצער, דזש. קאטצמאן, פ. מארזער, ר. ראָזענטהאל, ס. וויל, ל. זינדערמאן, דזש. קאָהן, דזש. בערענשטיין, דזש. ראטהסטיין, פ. בערג, טש. איזראעלסקי, מ. האלפּערן, דזש. קאטץ, ב. קעללער, ס. פּאמפּאדור, ר. גראבינער, דזש. אבאוויטץ, ה. באשקעס, ס. אלפּערן, ה. גליקליך, ב. דזשייקאָבס, צו 1 דאלאר; א. וויסער, טש. קריידער, טש. ראָזענבערג, ל. לארבער, צו 50 סענט; דזש. האָניגסטיין, דזש. קריידער, ט. ווינער, ב. שיף, י. קאָהן, דזש. האניגפעלד, מ. פּאלאש, דזש. סיגעל, צו 25 סענט.

---

### בראַנטש 581 פאַר די מלחמה קרבנות.

דער בראַנטש פון דער טרעזשורי, 15 דאלאר; פר. יוליוס באַ־רענשטיין לעגט אויס פאַר די מעמבערס 20 דאלאר (דאָס זאָל געשאַפען ווערען פון אַ 5־סענטיגען טעקס פער קוואָרטאל); פר. יוליגס באַ־רענשטיין, 6 דאלאר; מרס. שרה בארענשטיין, 5 דאלאר; פינ. סעק. יעקב ביין אַ האַלב יאָהר סאלארי, $12.50; פּראָטאָקאָל סעק. סעם זאלצמאן אַ האַלב יאָהר סאלארי 5 דאלאר; פר. לואיס האלפּערן, 1 דאלאר; פר. הערבסטמאן 3 דאלאר; פר. אייזנער 1 דאלאר; שאַכ־נאָווסקי 3 דאלאר; ה. דויטשמאן 2 דאלאר; איזידאָר קאָהן, סעם שארף, צו 1 דאלאר; מאקס פריימאן 4 דאלאר; י. מאָנק, לואיס סטעלצנער הערי סטעלצנער צו 1 דאלאר; רודאָלף ליבאוויץ, 2 דאל.; סעם וואהיימאן, 3 דאלאר; טשארלס האָפמאן, 2 דאלאר; משה גאר־דאן, אייב בלום, הערי ווייגשטיין, צו 1 דאלאר; אַנדערע ביי־טרעגע $2.75. צוזאַמען $100.25.

---

## אַ וויכטיגע דרוק אויסבעסערונג

אין די פּראָטאָקאָלען פון דער 19טער קאָנווענשאָן — גע־דרוקט אין פאָריגען נומער „פריינד” — האָט זיך אַריינגעכאַפּט דער פאָלגענדער דרוק־פעהלער:

אויף זייטע 61, קאָלום 1, אין דעם פּאַראַגראַף וואו עס לעזט זיך אַז „מיט אַ מעהרהייט שטימען ווערט די רעקאָמענ־דיישאָן פאַר דער מאַיאָריטעט אָנגענומען, דאַרף זיך לעזען פּונקט דאָס פאַרקעהרטע, נעמליך אַז „מיט אַ מעהרהייט שטימען ווערט די רעקאָמענדיישאָן פון דער מינאָריטעט אָנגענומען.”

מיר האַלטען דיעזע אויסבעסערונג פאַר וויכטיג, הגם אין דעם רעפערענדום באַלאָט, וואָס איז אַרויסגעשיקט צו די בראַנ־טשעס, איז דער זעלבער טעות פון זעצער ניט געמאַכט גע־וואָרען.

מ. איוועינסקי, פּ. יודיטש, ל. פּערלאָוויץ,
סעקרעטערע פון קאָנווענשאָן.

## פאר די לאורענסער סטרייקער

עס איז אפגעהאלטען געווארען א מיטינג פון אלע ניו לאנדאן ראדיקאלע אידישע ארגאניזאציעס, דעם 1טען מאי, אין די סאציאליסטישע און ארבייטער רינג 109 קלאב רומס, וואו עס איז דורכגעפיהרט געווארען א רייכע מוזיקאלישע פראגראם און אויך א פעקעדזש פארטי פאר דעם בענעפיט פון די לאורענסער סטרייקער. עס האט אפילו גוט גערעגענט, נאר דאך איז דער מיטינג געווען גוט באזוכט און עס האט אריינגעטראגען $80.10, וואו $7.10 איז געווען אויסגאבען און 73 דאלאר איז פארבליבען קליר פראפיט. מיר וואלטען געוואונשען דאס יענעם קליין שטעדטעל זאל נאכטאן אזוי ווי מיר און ארויסהעלפען די 25 טויזענד וועמפער צו געווינען דעם סטרייק.

ס ע ם ק א ט ץ, סעק. פון בר. 109 א. ר., ניו לאנדאן.

---

**פאר די לאורענסער סטרייקער האבען אויך ערפילט זייער פליכט אונזערע ברענטשעס אין ברידזשפארט, 48, 397, 502. זיי האבען געמאכט א זאמלונג צוזאמען מיט'ן ס. פ. ברענטש און האבען דעווריל צוגעשיקט $17.05.**

**בר. 848 האט קאלעקטעט ביי א מעמבער'ס חתונה 10 דאלאר פאר'ן רעליעף פאנד.**

**ביי א מאי פארזאמלונג פון דער סאצ. פארטיי און א. ר. אין שריוופארט, לואיזיאנא, איז אנגענומען געווארען א רעזאלוציאן צו פראטעסטירען געגען די אלע אונטערדריקונגען פון דער רעגיערונג געגען דער סאציאליסטישער באוועגונג פון לאנד. די רעזאלוציאן פאדערט דאס אלע פריהייטען וואס זיינען גאראנטירט פון דער קאנסטיטוציאן זאלען צוריק איינגעפיהרט ווערען און אלע עספיאנאזש געזעצע זאלען אפגעשאפט ווערען.**

א. ה א ר א ו ו י ץ, סעק.

---

**פריינד מ. דזשיקאבס פון בר. 303, בירמינגהאם, אלאבאמא, שרייבט אונז:**

דעם 18טען מאי האבען מיר געפייערט אונזער 10־יעהריגען יובילעאום פון בענטש. ס'איז זעלבסטפארשטענדליך, דאס פאר אונזערע מעמבערס איז עס געווען איינער פון די שענסטע ימים־טובים, וואס זיי האבען ווען געהאט. צו פייערען דעם ערפאלג פון 10 יאהר ארבייט פאר דעם איז ווירקליך א גרויסע פרייד, ספעציעל נאך אין אזא פארווארפענער שטעדטעל פון ווייטען סאוטה. געוויס איז עס אונז נים זעהר לייכט געווען אויפצובויען אן ארבייטער־צענטער דא. קיין גרויסע אידישע באפעלקערונג איז דא איבערהויפט ניטא און אידישע ארבייטער זיינען דא נאך ווייניגער. נאטירליך האבען מיר נאך געהאט גענוג שטערונגען פון די היגע רעאקציאנערע עלעמענטען, ביי וועמען מיר זיינען געווען פאררעכענט אלס אונגעווינשטע בירגער. טראץ אלעם דעם האבען מיר באוויזען אויפצולעבען דעם ראדיקאלען עלעמענט, וואס מיר האבען דא. אונזער ברענטש האט געשאפען פיעל געלד פאר עדם פיעלס רעליעף פאנד. מיר האבען אראנזשירט פיעלע לעקטשורס און אנדערע ניצליכע אונטערנעהמונגען. אויך אונזער ברענטש ווערט ניט פארנאכלעסיגט. אט האבען מיר געמאכט א מעמבערשיפ קאמפיין פאר 100 מעמבערס און אונזער ארבייט איז כמעט אין גאנצען ערפאלגרייך. מיר געהען זיך באלד נעהמען בויען א לייבאר לייסעאום. אויך אונזער בענעפיט איז אויך א גוטען באדען. מיר צאהלען 10 דאלאר א וואך קראנקען בענעפיט און זעהען צו העלפען אונזערע מעמבערס מיט אלעם וואס מיר קענען, ווען זיי נויטיגען זיך אין דעם. מיר זיינען שטאלץ מיט אונזערע 10 יאהר ארבייט.

---

פון בר. 242 שרייבט מען אונז:

מיר זיינען א קליינער ברענטש אין א קליינער שטעדטעל, וועקא, טעקסאס סטייט. אין גאנצען האבען מיר 30 מעמבערס, אבער ארבייט טוען מיר ווי א גרויסער ברענטש. פון אונזער טעטיגקייט שרייבט מען אפילו אין די ענגלישע צייטונגען פון דעם געגענד. אט האבען מיר לעצטענס געהאט א קאנצערט און באלל, אראנזשירט פאר אונזער לאקאלען קראנקען־בענעפיט פאנד און אויך פאר'ן קאמפיין פון רעליעף פאנד. עס איז דורכגעפיהרט געווארען מיט גרויס ערפאלג. עס זיינען געווען אנוועזענד פיעלע אמעריקאנער און א סך האלדאטען און אלע האבען זיך גוט אמוזירט. די היגע צייטונגען האבען געשריבען וועגען אונזער אונטערנעהמונג און שטארק געלויבט עס. מיר האפען צו פארגרעסערען אונזער ארבייט צווישען די באשרענקטע צאהל ארבייטער וואס געפינען זיך דא.

---

**נ. חילל פון בר. 848, לינקאלן, נעקראסקא, שרייבט אונז:**

מיר געהען שוין באלד פייערען אונזער 10־יעהריגען יובילעאום, כאטש מען הערט קיין סך ניט פון אונז. מיר האלטען פון רעדען פון זיך ווייניג, אבער טוען א סך גוטע ארבייט. צווישען דער היגער אידישע רבאפעלקערונג פארנעהמען מיר זעהר אן אנגעזעהענעם פלאץ. מיר נעהמען א טיכטיגען אנטייל אין דער היגער רעליעף־ארבייט און האבען געזאמעלט טויזענדער דאלארס פאר דעם. לעצטענס האבען מיר געהאט א מעמבערשיפ קאמפיין און האבען אריינגענומען 25 נייע מעמבערס. נאטירליך שטעלען מיר זיך ניט אפ דערביי, ווייל צו גוטס איז קיין שיעור ניטא. מיר ערווארטען צו פייערען דעם ערפאלג פון אונזער 10־יעהריגען עקזיסטענץ מיט א פיעל פארגרעסערטער מעמבערשיפ. **מיר צאהלען אויך עקסטרא לאקאלע קראנקען־בענעפיט און מיר זיינען אין אלגעמיין זעהר פאפולער ביי די היגע אידישע ארבייטער.**

דעם 3טען מאי האבען מיר געפייערט דעם 10־יעהריגען יובי... לעאום מיט א פראכטפולען באנקעט, וואו אלע האבען זיך פיין און... לוסטיג אמוזירט און אין אונזער צייט פון פרייד האבען מיר אויך... ניט פארגעסען אן די ליידענדע אויף יענער זייט ים, און טראץ אונזע... קליינער מעמבערשיפ, האבען מיר קאלעקטירט $40.06, וועלכע אי... איבערגעגעבען געווארען אין דזשענעראל אפיס.

אין אלע אונזערע צייטען פון 10־יעהריגען עקזיסטענץ האב... מיר נישט פארגעסען אן די ליידענדע און נויטבאדערפטיגע און מי... האפען אויף ווייטער אויך ניט צו פארגעסען אן זיי.

סעק. בר. 285 א. ר.

---

## צוואנציג טויזענד נייע מיטגליעדער!

## פופציג טויזענד דאלאר פאר מלחמה קרבנות!

## צו אלע ברענטשעס פון ארבייטער רינג

ווערטהע פריינדע:

די נאציאנאלע עקזעקוטיוו קאמיטע פון ארבייטער רינג האט ב... איהר ערשטען מיטינג באשלאסען אנצופיהרען היינטיגען יאהר צוויי־פאכיגען קאמפיין, — א קאמפיין פאר נייע 20 טויזענד מי... גליעדער ביז דער 20טער קאנווענשאן, און 50 טויזענד דאלאר פ... אונזערע ליידענדע שוועסטער און ברידער פון יענער זייט ים. ... ס'איז קיין צווייפעל ניט, אז די מיטגליעדער פון ארבייטער רינג, א... מיטגליעדער ביז איינעם, וועלען זיך גלייך אפרופען אויף דיעז... אפיעל, און מיטהעלפען אין דעם ערפאלג פון דיעזע צוויי קאמפיינ...

דער ארבייטער רינג שטעהט אויף דער שוועל פון זיין 20־יע... ריגען יובילעאום, און דיעזע עראיינגיס מוז פאראייביגט ווערען מ... עטוואס אונגעוועהנליכעס; דיעזער יאהר מוז זיך אויסצייכנען מ... א שטארקע און ברייטע ארגאניזאציאנס־טעטיגקייט, און די ארבייט פ... רעליעף מוז זיכער פארדאפעלט ווערען, ווייל קיינמאל איז די נ... פון די מלחמה־קרבנות ניט געווען אזוי גרויס, זייערע ליידען א... שמערצען אזוי ברענענדיג און טיעף, זייערע וואונדען אזוי שרעקלי... ווי איצט.

יעצט, ווען די גאנצע וועלט ליעגט א פארוואונדעטע און דור... געוויקט אין בלוט און טרערען, יעצט, אין דיעזען מאמענט, א... נויטיג א פאראייניגונג פון אלע ראדיקאלע כחות, א הארמאנישע מ... ווירקונג פון אלע פארטגעשריטענע עלעמענטען, א סאלידער פרא... פון רעוואלוציאנערע קרעפטען געגען די אפגעלעבטע, פאר'גוס... שווארצע כחות פון דער אלטער פארפוילטער וועלט.

דער ארבייטער רינג איז איינער פון די פיעלע רעוואלוציאנע... ארמיען, איינער פון די אנזאגער און בויער פון א נייער, ליכטיג... וועלט, און עס איז די פליכט פון יעדען מיטגליעד פון אונזער א... גאניזאציאן צו העלפען פארשטארקען אונזערע רייהען, פארגרעסער... אונזער מחנה און קומען צו דעם 20טען יובילעאום קאנווענשאן מ... ארבייטער רינג מיט נייע 20 טויזענד פרישע רעקרוטען.

זאל די פראגע וועגען די 2 קאמפיינס גלייך געשטעלט ווער... אויפ'ן טאגעס־ארדנונג פון יעדען ברענטש, זאל יעדער איינצעל... מיטגליעד זיך אוועקשטעלען פאר זיין ציעל אריינצונעהמען בא... איין נייעם מיטגליעד ביז דער קאנווענשאן, און געבען נור 1 דאל... פאר די הונגער אויסגעמאטערטע און אויסגעצעהרטע ברידער אונז... פון אייראפא, און אונזער אנשטרענגונג וועט געקרוינט ווערען מ... ערפאלג. מאכט פאר אייער מאטא, פאר אייער שלאג־ווארט: ...

נ ו ע נ י ג ס ט ע ן א י י ן ד א ל א ר פ א ר'ן ר ע ל י ע ... א ו ן א י י ן נ י י ע ר מ י ט ג ל י ע ד פ ו ן י ע ד ... א י י נ ע ם ב י ז ד ע ר ק א נ ו ו ע נ ש א ן!

די ארבייט איז א נאבעלע, די ארבייט איז א היילוגע, און יעד... ברענטש, יעד... מיטגליעד פון ארבייטער רינג דארף עס האלטען פ... זיין פליכט ... מיטהעלפען, און דער ארבייטער רינג וועט, ווי אימ... זיין פארשפרעכען האלטען. דער ארבייטער רינג האט זיינע אונט... נעהמונגען שטענדיג דורכגעפיהרט מיט ערפאלג.

ד ע ר א ר ב י י ט ע ר ר י נ ג ז ו י ס נ ו ר ... ז י ע ג ע ן א ו ן ע ר פ א ל ג ע ן.

צו דער ארבייט, פריינדע, און אונזער ציעל וועט זיין ערר...

מיט פריינדליכען גרוס,

## נאצ. עקזעקוטיוו קאמיטע ארבייטער רינג

י. ב א ס ק י ן, דזשענ. ס...

נ. ב. פאר יעדע 5 פארגעשלאגענע און אריינגענומענע מעמב... וועט א מיטגליעד קריגען א סעט ביכער, וואס די עדיוקיישאנאל קאמ... וועט דיעזען יאהר ארויסגעבען. דעם זעלבען סעט וועט קריגען א... דער יעניגער, וועלכער וועט פיהרען 10 קאנדידאטען צו דשק... אונטערזוכונג.

To the Postmaster :—Please give key number on all notifications pertaining to change of address




אָפיציעלער אָרגאַן פון אַרבייטער רינג

# צוואַנציג טויזענד נייע מעמבערס! — העלפט זיי קריגען!

אינהאַלט:



# THE FRIEND

OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMEN'S CIRCLE

SEPTEMBER, 1919  200 סעפּטעמבער, 1919.

# THE FRIEND

OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMEN'S CIRCLE

Published Monthly

ABRAHAM EPSTEIN, National Chairman
ISADORE COHEN, National Vice Chairman
M. J. ASPIS, Sec'y N. B. of Directors

J. BASKIN, General Secretary
P. GELIEBTER, Recording Secretary
M. PERLOVITZ, Treasurer

I. B. BAILIN, Managing Editor

Office of Publication:
11 Martha Place, Passaic, N. J.

General Office:
175 E. Broadway, N. Y. City.



Subscription Rates:

Per Annum, 50c. Six Months, 25c.
Single Copy, 5cts.

Entered as second class matter April 21, 1911, at the Post Office at Passaic, N. J.

THE FRIEND | דער פריינד

Vol. X. SEPTEMBER, 1919 No. 9.

# פון מאָנאַט צו מאָנאַט

נאָך די הייסע זומער־טעג.

נאָך די הייסע טעג און מיעדער שטימונג פון דעם זומער קענען ווידער אונטערנומען ווערען אונזערע געוועהנליכע ארבייטען. אונזערע אַלטע און יונגע טוערס קומען זיך צוזאמען פון די וואַקאַציעס, די מיטינגען ווערען לעבעדינער, לייזענשאַפטליכער. די נייע ערוועהלטע דיסטריקט און סיטי קאָמיטעס גרייט צו פאַרמעסטען זיך מיט אַלע די וועלכע זיינען געווען פריהער פאַר זיי, טרעטען אריין אין זייערע עמטער מיט פרישע, אויפגעשוואונגענע כחות. נאַטירליך מוז זייער ערשטע ארבייט זיין אויפצועפענען דעם מעמבערשיפ קאַמפיין. דאָס איז אייגענטליך אימער געווען די וויכטיגסטע ארבייט, וואָס די דיסטריקט און סיטי קאָמיטעס האָבען אָנגעפיהרט. אין דעם יאָהר אָבער, ווען די געשטעלטע אויפגאַבע איז צוויי מאָל אזוי גרויס ווי ווען עס איז פריהער, וועט אויסקומען אונזערע קאָמיטעס צו ארבייטען שווער, זעהר שווער, אויב זיי וועלען ווירקליך נישט וועלען אָפּשטעהן פון אַנדערע שטעט און ערפילען זייער קוואָטאַ.

איבערהויפט איז די ארבייט פון אַ מיטגלידערשאַפט קאַמפּיין, דער בעסטער עקזאַמען פאַר אַ נייער קאָמיטע. אין קיין ארבייט קען נישט אזוי בולט זיך ארויסצייגען אָרגאַניזאַטאָרישע פעהיגקייטען, איניציאַטיווע, ענערגיע און מיהזאַמקייט ווי אין דער וויכטיגער ארבייט פון צעמענטירען און פאַרגרעסערען די אָרגאַניזאַציע דורך דעם אריינברענגען אין איהר נייע קרעפטען, נייע רעקרוטען.

וואָס אַנבאַלאַנגט אָבער שפּאַנונג, אינטערעס און נאָוועליטעט קען מיט זיכערהייט באַהויפּטעט ווערען, אַז דאָס פאַרגעניגען צו באַקעהרען אַ מענשען צו אַ אידעע אין וועלכער איהר גלויבט איז איינע פון די פיינסטע און זיסטע, וואָס אַ קולטור־עלער מענש קען זיך נאָר פאָרשטעלען.

דער באַוואוסטזיין אַליין, אַז איהר האָט געקענט דורכברעכען די וואַנט פון פאַראורטייל, אַוועקשאַרען די כמאַרעס פון אַפּאַטיע און גלייכגילטיגקייט און פאַראינטערעסירען אַ מענשען אין אַ באַוועגונג צו וועלכער ער איז פריהער, צוליעב די אַדער יענע אורזאַכען נישט צוגעשטאַנען איז דער בעסטער שכר פאַר דער שווערער ארבייט.

צייגט זשע וואָס איהר קענט, איהר פרישע, אָדער אויפגעפרישטע טוער פון די נייע קאָמיטעס, וואָס זיינען אויסגעקליבען געוואָרען אָנצופיהרען אונזער ארבייט אין׳אַ יאָהר, וואָס דאַרף צושמעטערען אַלע אונזערע פריהערדיגע רעקאָרדס. נעמט צוזאַמען אייערע צוואָרפענע כחות וואָס געפינען זיך אין אייך און קאָנצענטרירט זיך מיט לייב און זעעל אויף דער טייערער ארבייט.

צ ו ו א נ צ י ג טויזענט נייע מיטגלידער ביז דער נואר־ער צ ו ו א נ צ י ג ס ט ע ר קאָנווענשאָן! זאָל אייך דיזער רוף פון דער גענעראַל־עקזעקוטיווע אָהן אָן אויפהער קלינגען אין די אויערען און אָנרעגען אייך צו טאָן, צו ווירקען, צו אַגיטירען, צו פּראָפּאַגאַנדירען און צו אָרגאַניזירען די ארבייט. ווייל אָן אייער טאָן, אָן אייער סיגנאַל, אָן אייער גאַנצער האַלטונג און אינטערעס ווענדט זיך די מיט־ארבייטערשאַפט און קאָאָפּעראַציע פון אַלע אייערע מיטגלידער, וועמען איהר זייט גערופען געוואָרען צו רעפּרעזענטירען און צו פיהרען פאַר אַ גאַנצען יאָהר. רופט זיי — און זיי וועלען קומען; פיהרט זיי און זיי וועלען אייך פאָלגען ווי גוטע, איבערגעגעבענע, דיסציפּלינירטע סאָלדאַטען, וועמען עס פיהרען באַליבטע, ערפאַרענע און ענערגישע פיהרער.

צוואַנציג טויזענד נייע מיטגלידער! אַ גאַנצע נייע אַרמיי זייט איהר באַרופען צוזאַמענצוקלייבען אַרום זיך אין דער קורצער צייט פון די נעקסטע ניין מאָנאַטען. זעהט זשע, אַז זי זאָל זיין אַ געקליבענע, אַ געהויבענע, אַ פּאַסענדע און אַ פולע, אַז ווען זי וועט זיך צוזאַמענגיסען מיט אונזערע וועטעראַנען באַטאַליאָנען זאָל עס מיט זיך פאָרשטעלען אַ סאָלידע, פעסטע און עקשנות׳דיגע מאַכט, וואָס זאָל נישט לאָזען שלאָפען אונזערע שונאים.

אין אַ גוטער שעה צו דער שווערער ארבייט!

* * *

וואָס די שלוחים דערצעהלען.

אונזער נאַטירליכע באַציהונג צו די אויפפאָדערונגען פון דער „פיפּעלס רעליעף קאָמיטע“, אַז מיר זאָלען קומען צו הילף אונזער פאַראומגליקטען פאָלק אין אייראָפּאַ האָט אַנדערש נישט געקאָנט זיין ווי אַ סקעפּטיש־עגאָאיסטישע. מיר האָבען פרייגיביג געגעבען פאַר דעם רעליעף פאָנד איינמאָל, אַ צווייטען מאָל און אַ דריטען מאָל, און אַנדערע פון אונז שוין מעהר ווי אַ צעהנדליג מאָל, אָבער געבענדיג האָבען מיר פון דעסטוועגען געצווייפעלט צו איז נישט דאָס געלט, וואָס מיר קלייבען, ווי אַ טראָפּען אין ים אין פאַרגלייך מיט דעם קאָלאָסאַלען אומגליק און דער מורא׳דיגער נויט. געבענדיג האָבען מיר פונדעסטוועגען געצווייפעלט צו דאָס געלט וועט נאָך טרעפען אימיצען צווישען די לעבעדיגע און אויב יאָ, דורך וויפיעל הענט וועט עס דאַרפען אַדורכגעהן, און וויפיעל וועט פון דעם בלייבען. מיר האָבען געגעבען און גאַנץ פרייגיביג, אָבער דאָס איז געווען נאָר צו באַרוהיגען אונזער געוויסען, ווי אַ מין שלאָף־מיטעל, אַז מיר זאָלען קענען רוהיג איבערשלאָפען די נאַכט און די שרעקענס־געשפענסטער פון יענער זייט זאָלען אונז נישט שרעקען אין חלום. מיר האָבען עס געגעבען פון ספק וועגען, פון יוצא וועגען, טאָמער וועט עס האָך עטוואָס לינדערען די צרות.

ווי די שלוחים, וואָס האָבען זיך יעצט צוריקגעקעהרט פון יענער זייט גיבען, אָבער, איבער, ווייזט זיך אַרויס, אַז אונ־

זערע ספקות און איבערקלערונגען האָבען קיין באָדען נישט געהאַט. הונדערטער טויזענטער פון אונזער פּאָלק ראַטעווען זיך פון הונגער־קראַנקהייטען און טויט, אַ דאַנק אונזערע פרייגיביגע זאַמלונגען און רעליעף־קאַמפּיינס. די הילף איז אַ ווירקזאַמע און קומט, ווי אַ ברכה־רעגען אויף אַן אויסגעטריקענטען פעלד. יעדער דאָלער העלפט צו פארשטילען הונגער־קרעמפען און לייגט אַ שטיינדעל אין דעם פונדאַמענט פון אויפלעבען די שאַפענדע כחות פון די מאַסען. יעדער דאָלער העלפט ווידער אויפשטעלען אַ געצעלט, עפענען פאַר קינדער אַ שול, פאַרדעקען די נאַקעטע לייבער און אָפּווישען טרעהרען פון אויגען.

ווי פריינד מאַקס פּיין גיט אונז איבער, האָט אויך אונזער רעליעף ארבייט אַ וואונדערבאַרען גייסטיגען עפעקט אויף די צוריטעלטע נערוועז פון אונזערע פּאָלקס־מאַסען אין אייראָפּא. אונזער ברידערליכע הילף וועקט זייער מוט און ווידערשטאַנדס פעהינקייט, אַז זיי זאָלען קענען אריבערטראָגען די אַלע מינים פּורעניות, וואָס שיט זיך אויף זייער קאָפּ. קיין פּאָלק פאַרשווינדט נישט אַזוי גרינג, איבערהויפּט נאָך דאָס א י ד י ש ע פּאָלק, וואָס איז שוין אַזוי פארהאַרטעוועט געוואָרען דורך פייער און שווערד פון זיין מאַרטירער־געשיכטע. מ׳לעבט און מ׳ליידט און מ׳האָפט און מיר טאָרען זיי נישט אָפּנאַרען אין זייער ערוואַרטונג. מ׳לעבט און מ׳שטעהט אָנגעשטרענגט מיט אויסגעסטאַרטשעטע אויגען אויף דער הילף פון דער שארית הפליטה, פון די דריי מיליאָן אידען אין אַמעריקאַ, וועמענס גליק עס איז געווען אויסצומיידען דעם אומגליק.

אונזער יעצטיגער קאַמפּיין פאַר נייע פופציג טויזענט דאָלער פאַר׳ן רעליעף קומט אין דער ריכטיגסטער צייט. זאָל יעדער איינער פון אונז ערפילען זיין חוב אין דער גרויסער, הייליגער פּאָלקס־ארבייט. זאָל יעדערער פון אונז ווידמען זיין פרייע צייט און ענערגיע אין די אינטערעסען פון די מיליאָנען הונגעריגע, קראַנקע, אָפּגעריסענע, טעראָריזירטע און פּאָגראָמירטע אידען. מיר האָבען זיי ביז איצט געגעבען אַ גאַנץ באַדייטענדע הילף, אָבער נישט צו אַלע אידישע געגענדען האָבען מיר נאָר געקענט צוקומען. מיר האָבען שוין געגעבען און געגעבען, אָבער מיר האָבען נאָך נישט געמאַכט די שטאַרקסטע אָנשטרענגונג. מיר האָבען נאָך נישט געגעבען אַזוי פיעל אַז עס זאָל אונז וועה טאָן. און עס מ ע ג אונז וועה טאָן און עס ד א ר ף אונז וועה טאָן, ווען צוויי דריטעל פון אונזער פּאָלק טרינקט זיך אין אַ ים פון בלוט און טרעהרען.

* * *

**אין סאניטאריום.** אין דעם מאָנאַטליכען רעפּאָרט פון דער נאַצ. עקז. קאָמ. וואָס דער לעזער וועט געפינען אין די דרייסיגער זייטען פון דעם נומער, ווערט איבערגעגעבען אַ גענויערער באריכט וועגען די לעצטע אונאַנגענעמע פּאַסירונגען אין סאַניטאַריום און ווי די גענעראַל־עקזעקוטיווע האָט רעאַגירט אויף זיי. די האַנדלונג פון דער עקזעקוטיווע נויטיגט זיך נישט אין קיינע קאָמענטירונג. דאָס איז געווען דער איינציגער לאָגישער אויסוועג פון דער סיטואַציע, יעדער איינציגער מיטגליד, אָהן קיינע פאָראורטיילען וועט מוזען דאָסזעלביגע באַשטעטיגען. ווען אונזער טשערמאַן פון דער נעג. עקזעקוטיווע, פריינד אב. עפּשטיין האָט איבערגעגעבען די פּאַסירונגען אין סאַניטאַריום, ווען די פראַגע האָט זיך פאַרהאַנדעלט אויף דער סטייט־קאָנפערענץ פון קאָנעקטיקוט איז אַ ן א י י נ ש ט י מ י ג ע רעזאָלוציע אָנגענומען געוואָרען אינדאָרסירענדיג די האַנדלונג פון דער נעג. עקזעקוטיווע און

העלפען איהר אין דער איינפיהרונג פון דער נויטיגער מאָ
דיסציפּלין אין סאַניטאַריום. ליידער האָבען איינינגע פריינד א
פילאַדעלפיא, איידער וואָס ווען, נאָך נישט הערענדיג, וואָס א
דאָרט ווירקליך פאָרגעקומען, נאָר באַנוגענענדיג זיך מיט
רכילות און גראָטעסקע מעשיות טאַקע פון די, וואָס זיינען פּא
אַנטוואָרטליך פאַר די טרויעריגע אינצידענטען, פאָראורטיי
די עקזעקוטיווע אונטער די אויגען. מיר רעקאָמענדירען דאָ
בער אונזערע מיטגלידער צו באַקאָנען זיך, דורך דעם אויבענדע
מאָנטען פּראָטאָקאָל, מיט די ווירקליכע פאַקטען, אַז זיי זאָל
פאַרבעריטעט זיין צו ענטפערען אויף די עקזעגערירטע, אונב
גרינדעטע באַהויפּטונגען.

די אויספאָרשונגען, וואָס די עקזעקוטיווע האָט נעמאַ
צווישען די פּאַציענטען פון סאַניטאַריום, וועגען דער אונצופ
דענהייט, וואָס אַ טייל פון זיי האָט אויסגעדריקט איז נעפיה
געוואָרען מיט דער גרעסטער מאָס אונפּאַרטייאישקייט, וואָס
נאָר מעגליך. די מיטגליעדער פון דער סאַניטאַריום קאָמי
האָבען אויסגעמיטען אַנוועזענד צו זיין אויף די אויספאָרש
גען, כדי די פּאַציענטען זאָלען זיך פיהלען פריי און זאָלען
ניט וויינערען צו דערצעהלען, וואָס זיי ווילען. אַלע מיט
זיינען אָנגענומען געוואָרען צו פאַרמיידען, אויף ווי ווייט
איז מעגליך, אפילו קאַפּריזנע אונצופרידענהייטען. עס
אָנגעשטעלט געוואָרען אויף דר. ראָזענבערג׳ס פּלאַץ, דר. פ
וואָס האָט גלייך אין די ערשטע טעג פון זיין אַמט דערוויזען
באַפריינדען זיך מיט אַלע פּאַציענטען און צו געווינען אַלעמ
צוטרוי. עס איז אָנגעשטעלט געוואָרען אַ נייע מייטראָן, ו
פאַרשפּרעכט צו זיין אַ געטרייע מיטארבייטערין פאַר
בעסטען פון דער אינסטיטוציע. די סאַניטאַריום־קאָמיטע
זיך די גרעסטע מיה, אַז די פּאַציענטען זאָלען איהר בע
פאַרשטעהן און אַז זיי זאָלען איהר שענקען זייער פולסטען
טרוי. דער גראַנדיעזער קאָנצערט, וואָס איז אָרגאַניזירט
וואָרען פון דער סאַניט. קאָמ. מקבל פנים צו זיין דר. פיש׳ן
וועלכער האָט איבערגעשטיגען אין זיין רייכקייט און פּאָל
מענהייט אַלע פריהעריגע איז אַן אָנהויב פון אַ סעריע ק
צערטען, וואָס די סאַניט. קאָמ. פּלאַנעוועט פאַר׳ן ווינטער סי
אפילו די איינינגע פאַרביטערטע פּאַציענטען האָבען לעצט
אויסגעדריקט צופריעדענהייט מיט די נייע איינפיהרונגען
דער סאַניטאַריום און נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטעט. די ס
טאַריום קאָמ., ווי אויך די נאַצ. עקזעקוטיווע האָבען נאָ
גאַנצע רייהע פאַרשידענע אויסבעסערונגען אין זינען מיט
צייט און לויט די מעגליכקייטען איינצופיהרען, אַ זאַך, ו
דאָס איז נישט קיין סוד פאַר קיינעם פון די פּאַציענטען.
איז דאַריבער ווירקליך אַ וואונדער, וואָס איינינגע פּאַציע
קומען ווידער מיט אַן אַלטער רעזאָלוציע, וואָס מיר דר
אין דעם נומער, וועלכע איז ביי זיי אָנגענומען געוואָרען
עטליכע וואָכען צוריק, אַז מיר זאָלען עס דרוקען אין „פריי
וואָצו איז דאָס נויטיג, פריינד? לייכטער מאַכען זיך או
הארצען מיט אַ לויט און שווערער מאַכען זיך דעם קאָפּ
צעהן טאָן?! לוינט זיך אייך ווייטער צו פאַרקאָכען אַ
שע, וועמעס פאַרע זאָל שלאָגען ביז נישט גוט צו ווערען
עס איז געווען מיט עטליכע וואָכען צוריק?

קען זיך ביי אייך גאָר נישט אויסוועפען דאָס פאַרביט
קייט און פאַרדומפּעניקייט פון אַן אונגעזונטער, אַבנאָרמ
און קראַנקהאַפטער אַטמאָספערע? אָדער איז עס דאָס
דאָס לעצטע ביסעל דונסט, וואָס מיט איהר אָפּרייניגונג

ווין פארבלייבען די לופט געזינטער און מיט מעהר
י ן, ריינער און מיט מעהר טאָלעראנץ און צוטרוי, ווי עס
אסט פאר אן אינסטיטוציע פאר א. ר. און פאר געטרייע א. ר.
ויטגליעדער? לאָמיר האָפען, אז דאָס לעצטע איז אמת און
ז פון יעצט און ווייטער וועט איהר שוין נישט געבען קיין
עלעגענהייט צו די שונאים פון א. ר. אז זיי זאלען שעפען נחת
ון אונזערע מיספארשטענדניסען.

ביי דער געלעגענהייט ווילען מיר ציהען די אויפמערקזאמ־
ייט פון די ברענטשעס אויף דעם נייעם באשלום פון דער סאַ־
יטאריום קאָמ. אפצושאפען די אַפטע ברענטש־אונטערזוכונ־
ען אין סאניטאריום. אזעלכע אונטערזוכונגען און אויספאר־
ונגען זיינען ווירקליך געמאכט געווארען צו אפט און האָבען
אשאפען טענדענצען, וואס האָבען גראדע געפיהרט צו פאר־
עהרטע רעזולטאטען, ווי די וואס זיינען באצוועקט געווארען
ון די ברענטשעס. די ברענטשעס וועלען זיך דארפען ווענדען
מיט זייערע קלאגען געגען דער סאניטאריום קאָמיטע, וואו זיי
ענדען זיך מיט אנדערע קלאגען — צו דער גענ. עקזעקוטיוו
אָמ. און מיט דאָס רעכט פון אפיעל צו דער נאצ. באָארד פון
י דירעקטארען.

אין פארבינדונג מיט דעם סאניטאריום ווילט זיך נאָך אויך
ערמאָנען, אז אונזערע אָנגעשטעלטע און ארבייטער אין סאַ־
יטאריום האָבען שטענדיג נעקראגען מיט ארום 25% העכערע
בירות ווי אין אנדערע עהנליכע אינסטיטוציעס. יעצט האָט
י די סאניטאריום־קאָמיטע ווידער געהעכערט די שבירות.
ס איז נישטאָ קיין אורזאכע פארוואס די אָנגעשטעלטע, פון
יער זייט, זאלען נישט זיין פאראינטערעסירט צו ארבייטען
ין קאָאפעראציאָן מיט דער פאַרוואלטונג פאר דעם וואהל און
עסטען פון די פאציענטען אין דער אינסטיטוציע.

* * *

עשה
וקלין
אונזער ערוואַרטונג פון לעצטען מאָנאט איז מקוים געווארען. די נאציאנאלע עקזעקוטיווע האָט טאקע געהאנדעלט לפנים משורת הדין און באוויליגט
ברוקלינער ברענטשעס, וואס ווילען האָבען א באזונדער
עריטאריע — זייער פארלאנג. אָט אזוי צופלאצט די גאנצע
עאריע וועגען „מאשינען" און „אָלד־גארדס", וואס איינינע
פון אונזערע פריינד האָבען אויפגעבויט. עס וועט יעצט זיין
די אויפגאבע פון די ברוקלינער ברענטשעס צו באווייזען מיט
ענערגישער, טרייער ארבייטער די ריכטיגקייט פון דער באהויפ־
טונג, אז ברוקלין איז לעצטענס געווען אונאקטיוו, נאָר דער־
פאר, וואס די „טעריטאריע פראגע" האָט באשאפען בייזע בלוט
און האָט געשטערט צו טאָן וועלכע עס איז קאָנסטרוקטיווע
ארבייט. אלזא, מעשה ברוקלין, אויף וויפיעל די „טעריטאריע־
פראגע" איז געווען באריהרט, איז געענדיגט און מיר האָפען
אז עס וועט זיך אָנהייבען א „מעשי ברוקלין" פון א ברויזענ־
דער טעטיגקייט איןביידע קאמפיינס, וואס די גענ. עקזעקו־
טיווע פיהרט יעצט אָן.

עס וואלט אבער געווען א פאטאלער פעהלער ווען אנדערע
ערטער, וואס האָבען נישט קיין באזונדערע „טעריטאריעס" צו־
ליעב דעם, וואס זיי געהערען פיזיש און גאָגראפיש צו אַן
אנדער „מדינה" זאלען ווערען ערמוטיגט דורך דער האנדלונג
פון דער עקזעקוטיווע בנוגע צו ברוקלין און אויך אָנהויבען צו
פארלאנגען „באזונדער שבת פאר זיך". לאָמיר האָפען, אז די
ברענטשעס פארשטעהען דעם גייסט וואס האָט באוועגט דער
עקזעקוטיווע צו האנדלען בנוגע צו ברוקלין לפנים משורת הדין.

* * *

א נייער בענעפיט אין נ. י.
דער מעדיקאל־דעפארטמענט פאר די ניו יאָר־קער ברענטשעס, וואס האָבען זיך פאראייניגט פאר קאָאָפעראטיווע מעדיצינישע הילף, האָט שוין אָנ־געהויבען צו פונקציאנירען. די איניציאטאָרען פון דער באווע־גונג זיינען פול מיט באגייסטערונג וועגען דעם אָנהויב און זיי זאגען שוין פאר א גרויסע צוקונפט פאר דעם דעפארטמענט. נישט נאָר, האָפט מען, וועלען זיך די גרעסטע צאָל נייע ברענ־טשעס אָנשליסען אַן די דיסטריקט דאָקטוירים, נאָר אין א קורצע צייט ארום קען זעהען א ווייט־פארצווייגטע קאָאָפעראטיווע אונטערנעמונג פאר מעדיצינישע הילף, אין ברייטסטען זינען פון ווארט, אָנהויבענדיג מיט אייגענע, קאָאָפעראטיווע דראָג־סטאָרס און ענדיגענדיג מיט אייגענע צאָהן־קליניקס, זומער רע־זאָרטס, א. א. וו.

מיר וועלען מיט דער גרעסטער אויפמערקזאמקייט נאָכ־

(פאָרטזעצונג אויף זייט 46.)

אב. וויקטאָר:

# געדאַרפט האָט זיין

געדארפט האָט זיין א זומער־נאַכט,
און ס׳בלאָזט מיט רויהע ווינטען.
די גריבער — טינטערס אָנגעפילט
מיט שווארץ געדיכטע טינטען.

געווארט האָב איך אויף שעהן געזאנג,
און ס׳קראקען נאָר די ראָבען;
דער הימעל דריקט, די ערד פארשטיקט,
אין טרויער איינגעגראבען.

דער רעגען האָט שוין אויפגעהערט,
נאָר פון די ביימער קאַפען
שווערע טראָפענס נאָך. יעדער טראָפ
פאַלט מיט א פלאטשיג קלאפען

אין זאמד, אין גראָז, — דער זעלבער תהום
איז פר דעם קאַפ, דעם קליייינעם,
וואָס שפיגעלט אפ אין זיך אמאָל
א דימענט־גלאנץ א ריינעם.

געדארפט האָט זיין א זומער־נאַכט,
און ס׳וועהט מיט ווינטער־קאַלטען;
עס פייפט און רופט, און שניידט די לופט
דער ווינט מיט זיינע גוואלטען. —

סילוואן־לייק, מיש., 1919.

# ארבייטער רינג שול — אַ קלאַסען-שול

פון ל. אבראמאוויץ.

דער ארבייטער רינג איז לויט זיין קאָנסטיטוציע ניט קיין קלאַסען־אָרדען. עס קאָנען ווערען אין איהם מיטגלידער מענ־שען פון פאַרשידענע געזעלשאַפטליכע קלאַסען. און פאקטיש געהערען צו איהם טאַקע אויך פיעלע הענדלער, קרעמער, א. ד. גל. עלעמענטען, וואָס געהערען ניט צום ארבייטער־קלאַס. אָבער דער יסוד פון דעם ארבייטער רינג איז דאָך — א קלאסאַ־ווער: ער איז אַן ארבייטער־אָרדען, און ער איז דאָס סיי לויט דעם באַשטאַנדטייל פון דער גרעסטער מעהרהייט פון זיינע מיטגלידער, סיי לויט דער אידעאלאגיע וואָס הערשט אין איהם.

אַן עהנליכען כאַראַקטער האָבען אויך די ארבייטער־רינג־שולען. זיי מאַכען ביים אריינגעמען קינדער קיין אונטערשיעד ניט צווישען אזעלכע, וואָס געהערען צו ארבייטער און אזעלכע, וועמעס עלטערען זיינען ניט קיין ארבייטער. אָבער דאָך איז די שול, לויט דעם אינהאלט און גייסט פון׳ם לערנען אין איהר, א קלאַסען־שול, אַן ארבייטער־שול.

אין דער אמת׳ן, איז אין דער איצטיגער אָרדנונג יעדע שול א קלאַסען־שול, עס מאַכט ניט אוים צו די פיהרער פון דער שול אַנערקענען דאָס, צי ניט. די פיהרער פון א שול מעגען דאָס אַפילו אָפּלייקענען, און דאָך איז דאָס אזוי.

לאָמיר, צום ביישפּיעל, נעמען די היגע פּאָבליק סקול. לויט׳ן נאמען איז דאָס ניט אַ קלאַסען־שול, נאָר א פאָלקס־שול, לויט דעם באַשטאַנדטייל פון די קינדער אויך: עס געהען אהין קינדער פון פארשידענע קלאַסען פון דער באַפעלקערונג (הגם די קינדער פון די „צעהן־טויזענד", פון די מיליאָנערען, באַזוכען געוועהנליך ניט קיין פּאָבליק סקול, זיי האָבען פאר זיך אנדערע שולען, מעהר אויסגעשפּראָכען בורזשואַזע), און דאָך זיינען די היגע פּאָבליק סקולס ריין קאַפּיטאַליסטישע אינסטי־טוציעס.

די פּאָבליק סקולס נעמען ניט אין אכט דאָס, וואָס זעהר א גרויסער טייל פון די קינדער קומען פון דער ארבייטער סביבה, און וואָס אין פיעלע פּאָבליק־סקולס באַשטעהט כמעט די גאנצע צאָהל פון די שילער פון ארבייטער קינדער. זי פּאַסט ניט צו די לימודים צו דער ארבייטער סביבה און פלאנצט ניט איין אין די קינדער די אידעאלען פון דעם ארבייטער־קלאַס. פאַרקערט, זי ענטוויקעלט נאָך ביי די קינדער א שנאה צו אַט די אידעאלען און פלאַנצט אין זיי איין אַן איבערגעבענהייט צו די יסודות פון דער אַלטער אָרדנונג און צו איהרע אודעאלען.

די גאנצע שול־סיסטעם, ווי זי איז אוועקגעשטעלט איצט, איז, ניט קוקענדיג אויף איהר אויסערליכער דעמאָקראַטישקייט, דער בעסטער מיטעל אָנצוהאַלטען און צו פאַרפעסטיגען אויף אויף ווייטער די צוטיילונג פון דער געזעלשאַפט אויף קלאַסען און צו געבען די קינדער פון די רייכערע קלאַסען די אויבער־האנט און די אויבערמאכט איבער די אָרימערע. שוין די גאַנצע פראָגראַם פון דער פּאָבליק סקול איז אויסגעארבייט אזוי, אַז די קינדער זאָלען דאָרט באַקומען די נויטיגסטע ידיעות נאָר אויפ׳ן שפּיץ מעסער, און די קינדער לערנען זיך טאַקע דאָרטען אוים פאַר די לאַנגע אכט יאָהר נאָר אויף אזוי פיעל, אַז אַז ווייטערדיגען לערנען אין א הייַ־סקול און קאַלעדזש קאָנען זיי אין היינטיגער געזעלשאַפט בלויז טאָן די פּשוטסטע ארביים, ד. ה., זיי קאָנען בלויז ווערען עקספּלואַטאַציאָנס־מאַטעריאַל פון׳ם נידעריגסטען סאָרט. געהן אין הייַ־סקול און נאָך ווייטער אין א קאַלעדזש, קאָנען געוועהנליך נאָר קינדער פון רייכע על־טערן, פון דער בורזשואַזיע. און אַט די קינדער ווערען טאַקע צוגעגרייט צו פארנעמען די בעסערע שטעלעס, בעסערע פּאָזי־ציעס, דעם אויבען־אָן אין דער געזעלשאַפט.

אָבער דער קלאַסען־כאַראַקטער פון דער פּאָבליק סקול (און אויך פון די העכערע שולען) ווייזט זיך ארוים ניט נאָר אוין דעם אָנגעוויזענעם אומדירעקטען אופן, זי ווענדעט אָן אויך דירעקטערע מיטלען. ערשטענס, באַנוצט זי אלס ערציהונגס־מאַטעריאַל בלויז אזעלכע זאכען, אין וועלכע עס ווייזט זיך בלויז

# אַמאָל איז געווען א פּרעזידענט

ש. צ. זעצער

(פעליטאָן)

אַט אזוי איז דאָס שוין. מען קען די וועלט מיט איין שפּרונג ניט איבערמאַכען. די וועלט איז צופיעל אייזערנער בנין, זי זאָל זיך לאָזען אזוי גרינג איבערברעכען. דער קאָלעקטיוו איז שטאַר־קער פאַר דעם איינצעלנעם און לאָזט זיך ניט אזוי גרינג אין פייער פון זיין הארצען איבערשמעלצען און אין א נייער געשטאַלט זיך פאָרמירען. די געפיהרטע מאַסען זיינען שטאַרקער פאַר דעם פיהרענדע: העלד, וואָס וויל זיי אין די געבענשטע לענדער פיהרען.

עס איז אמאָל א משה ביי אידען געווען. האָט ער פון מתנות דערשלאָגענע שקלאַפען א פאָלק געוואָלט שאַפען און אין א לאנד, וואס רינט מיט האָניג און מילך ברענגען. אידער וואס ווען אבער האָבען זיי איהם דערוויַיל פערציג יאהר אין א מדבר ארומגעשלעפּט און האָבען איהם די אַלע פיערציג יאָהר דאָס לעבען פאַרביטערט, אז ניט איינמאָל האָט ער אויף זיך דעם טויט געבעטען.

און אמאָל, אמאָל, מיט חדשים צוריק, איז ביי די גויים א פּרעזידענט פון א גרויסער רעפּובליק געווען, וועלכער האָט זיך מיט וואונדערבאַרע פּלענער ארומגעטראָגען, ווי אזוי ער זאָל די וועלט אין א שענעם גאָרטען פאַרוואַנדלען, אין וועלכען עס זאָלען פייער און צוואנציג שעה אין מעת לעת די שענע בלומען פון פּראָגרעס און דעמאָקראַטיע בליהען און וואַקסען.

ער האָט א מערקווירדיגען צויבער־שטעקען מיט פיערצעהן קאר־בען ערפונדען, מיט דער הילף פון וועלכען ער האָט געהאָפט די וועלט איבערבויען, זי זאָל די פאַרקערפּערונג פון יושר און אמת ווערען.

און באוואָפענט מיט דיזען צויבער־שטעקען, וואָס ער האָט מי זיך מיטגענומען, האָט ער זיך צו דער וועלט קיין פּאַריז אוועקגע לאָזט, ער זאָל זי דאָרטען איבערבויען און איבערמאַכען.

די וועלט האָט זיך אָבער איינגעשפּארט. זי האָט זיך ניט גע לאָזט איבערמאַכען און די געשיכטע האָט זיך זעהר טראַגיש געענ דיגט.

דער משיח און ערלייזער, וואָס האָט וואונדערבאַרע פּונקטען ב זיך אין בוזים ליגען געהאַט, האָט די גאנצע עשירות פאַרגעסע ער האָט זיך פּלוצלונג זעהר אָרים דערפיהלט און איז נעביך געצוואונ גען געוואָרען אָנצונעהמען א שטעלע אלס מעקלער אויף א פּאָלי טישער בערזע אין פּאַריז! זיין באַשעפטיגונג איז געוואָרען, ער זז די שוואַרצע רעאַקציע און דעם ליכטיגען פּראָגרעס, וואָס קעמפ צווישען זיך אויף דער פּאַריזער פריעדענס קאָנפערענץ, אין די פּעי זאַנען פון קלעמאַנסאָ און לאָיד זשאָרזש, צו איין אויסגלייך ברענגע

מען קען לעדיג ניט ארומגעהן. עס מוז איינער עפּיס א בּ שעפטיגונג האָבען, ער זאָל קענען זיין ביסעל פּרנסה און זיין ביסע אונשטערבליכקייט פּאַרדינען. ווען די באַרימטע פּונקטען זיינ זיינען אין נולען פאַרוואַנדעלט געוואָרען, האָט ער אריינגעטראָטע אין שותפות מיט נאָך דריי און צוזאַמען מיט זיי די באַריס פירמא פון די „פיער גרויסע" קברנים געגרינדעט, וועלכע ווער גאָר ניט מיעד גראָבענדיג קברים טיעפע, פאַר אַט יענע וואונדער באַרע צויבער־פּונקטען, וועלכע ער האָט ביי זיך אין הארצען אוי געבריהט אייידער ער איז צו דער וועלט געפאָרען זי איבערמאַכען.

ארויס די איצטיגע אדער די פארגאנגענע געזעלשאפט אלע מאל מיט זייערע שענערע זייטען. די שאטענס פון דער איצטיגער געזעלשאפט ווערען פארגעבראכט זעהר זעלטען אדער זיי ווערען אין גאנצען פארטושט; אזוי אז די קינדער ווערען צוגעוועהנט צו קוקען אויף דער איצטיגער געזעלשאפט ווי אויף דער בעסטער און פאלקאמענסטער. זאכען, אין וועלכע עס ווערט פארגעשטעלט דער פראטעסט און דער קאמף פון די ארבייטער געגען דער איצטיגער געזעלשאפט, ווערען אהין אין גאנצען ניט אריינגעלאזען. און טרעפט אמאל א סטרייק, וואס רודערט אויף די שטאט, און מען מוז מיט די קינדער שמועסען אויף דער טעמע, בלייבען די ארבייטער דארט אלע מאל די אומגערעכטע, די טומלער, די שטערער פון ארדנונג און פון געזעץ. די אידעאלען, וואס הערשען אין דער פאבליק סקול, זיינען געהארכזאמקייט, אפהיטונג פון ארדנונג, לאיאליטעט. קאמף געגען אונטערדריקער, אדער געגען עקספלואטאציע ווערט דארט באטראכט בלויז אלס רוהה־שטערונג, אלס אומלאיאליטעט. און וואגט אמאל א לעהרער אנדערש צו דערקלערען די דאזיגע ערשיינונגען, איז ער אין געפאהר צו יעדער צייט ארויסגעווארפען צו ווערען פון פאבליק סקול אדער פון היי סקול.

בלויז אויף איין סארט קאמף קוקט די פאבליק סקול מיט גוטע ליעבליכע אויגען, און דאס איז אויף דעם קאמף פון איין קינד געגען צווייטען פאר יעדער קליינליכקייט און נארישקייט. אויך ווערט דארט קולטיווירט דאס געפיהל פון נקמה פאר אנרירען אויפ'ן קלענליכסטען אופן די אמביציע, און דערביי ווערט אנערקענט בלויז אן אינדיווידועלער קאמף פון איינעם געגען איינעם. זייטיגע קינדער טארען זיך דערביי ניט אריינמישען; זיי ווערען בלויז ערצויגען צו שטעהן און קאלטבלוטיג צוצוזעהן ווי איינער צוקלאפט דעם צווייטען די נאז ביז בלוט, שלאגט אונטער אן אויג, שלאגט אויס א צאהן, א זאך, וואס ענטוויקעלט ביי די קינדער מיט דער צייט די ערגסטע הארטהערציגקייט.

דער הויפט געזעלשאפטליכער אידעאל פון דער פאבליק סקול איז פאטריאטיזם, וועלכער דריקט זיך אויס מעהר אין שנאה צו אנדערע פעלקער (צו יעדער צייט איז פאראן א שעיר לעזאזל. אמאל די דייטשען, אמאל די מעקסיקאנער) איידער אין ליעבע צום אייגענעם לאנד. דער פאטריאטיזם איז אלע מאל פארבונדען מיט עהרפורכט פאר דעם מיליטערמאן. דער סאלדאט און נאך מעהר דער גענעראל איז דער גרעסטער העלד, וואס א פאבליק סקול קינד ווייס. אין די פאבליק סקולס פון די אידישע דיסטריקטען איז די אזוי־גערופענע לאיאליטעט און דער שאוויניסטישער פאטריאטיזם נאך מעהר ענטוויקעלט ווי אין אנדערע.

אז די סקול שטעלט זיך געוועהנליך אויף איין צד, אויף דעם קאפיטאליסטישען, איז באזונדערס קענטיג אין דער צייט פון א פאליטישען קאמפיין. די כאראקטעריסטיק פון די קאנדידאטען פון פארשידענע פארטייען, וואס די לעהרערינס פון די סקולס גיבען די קינדער, ציעלען געוועהנליך צו פאר'מיאוס'ען די קאנדידאטען פון דער סאציאליסטישער פארטיי.

און נאך מעהר קענטיג איז אט די שטעלונג פון דער סקול איצט אין'ם קאמפיין געגען „באלשעוויזם“. די גאנצע מאשינעריע פון דער פאבליק סקול און פון דער היי סקול איז לעצטענס געבראכט געווארען אין פולער באוועגונג צו פאר'סם'ען די מוחות פון די קינדער מיט די ערגסטע שקרים וועגען דער רעוואלוציע אין רוסלאנד, וועגען די באלשעוויקעס און זייער ארבייט, און פאראיינס שוין איינצופלאנצען אין די קינדער א שנאה צו די אלע, וואס קעמפען פאר א בעסערער ארדנונג דא אין לאנד גופא.

קורץ, די היגע סקול איז א קלאסען־שול פון דעם הערשענדען קאפיטאליסטישען קלאס. און דאס איז אויך זעהר פארשטענדיג. די סקול איז דער בעסטער מיטעל צו באארבייטען די מוחות פון די קינדער אין דער יוגענד און אויסארבייטען ביי זיי געוויסע נייגונגען, מידות און איבערצייגונגען. און די בורזשואזיע באנוצט זיך דערמיט כדי אפילו פון די רייהען פון די ארבייטער קינדער צוצוגרייטען שטיצער פון דער אלטער ארדנונג און איהרע באשיצער.

די מאראל, ווי עס איז שוין לאנג באוויזען געווארען, איז אין א גרויסער מאס א קלאסען־מאראל. און אויף וויפיעל די שול גיט זיך אפ ניט בלויז מיט געבען די קינדער געוויסע ידיעות נאר אויך מיט ערציהען די קינדער, ד. ה., אויך מיט אויסארבייטען זייער מאראלען „איך“, מוז זי זיך שטעלען אויף דעם שטאנדפונקט פון דעם אדער יענעם קלאס. און געוועהנליך שטעלט זי זיך אויף דעם שטאנדפונקט פון די בעלי־בתים פון דער שול. און אזוי ווי די בעלי־בתים פון דער סקול זיינען איצט די בעלי־בתים פון דער איצטיגער געזעלשאפט, די בורזשואזיע אדער די קאפיטאליסטען, איז אויך די סקול א קאפיטאליסטישע קלאסען־שול.

אן אמת'ע פאלקס־שול וועט זיין בלויז דאן, ווען עס וועלען אויפהערען צו עקזיסטירען קלאסען, ד. ה., אין דער סא־

---

פון א גערטנער, וואס האט געוואלט די גאנצע וועלט מיט גן־עדן בלומען פארפלאנצען, איז ער א קברן געווארען. אנשטאט צו פארפלאנצען אין לעבען די שענע חלומות זיינע, גראבט ער פאר זיי [illegible]ער קברים אויס.

און ניי אונטערגעשאסענע און אונשולדיגע טויטע ווייסע טויבען פאלען זיי נעביך איינער נאך דעם אנדערען אין די קברים, וואס ער גרייט צו פאר זיי.

---

א צוויטער וועלטען־צערשטערער און וועלטען־בויער האט אמאל געזאגט אויף זיך נאכדעם, וואס ער האט זיך פון אן עראבערונגס־מארש זיינעם צוריקגעקערט:

— געקומען, געזעהן און געזיעגט!

כמעט דאס זעלבע, דאך אביסעלע אנדערש, קען אויך אונזער פרעזידענט זאגען;

— געקומען, געזעהן און באזיעגט געווארען!

עס איז נאך קיינמאל קיינער אזוי געניאל ווי ער ניט באזיעגט געווארען.

ער האט די וועלט ניט איבערגעמאכט. דערפאר אבער האט די וועלט איהם איבערגעמאכט.

און נאך ווי איבערגעמאכט.

ער, ביי וועמען די פיס פון זיינע פאליטישע און סאציאלע אידעאלען זיינען אזוי גרינג צום לויפען געווען, איידער ער איז צו דער וועלט געפאהרען, אז זיי זיינען שיעור ניט טריט אין טריט מיט דעם באלשעוויזם געלאפען און עס האט זיך זיי כמעט, ווי א סאציאלע רעוואלוציע נאכגעשלעפט שטענדיג, האבען איהם פלוצלינג די פיס אויפגעהערט צודיענען, ווען ער איז קיין פאריז, צו דער וועלט־קאנפערענץ געקומען, ער זאל אפילו אויך די ראדיקאלע אנשויאונגען פון א לאיד זשארזש ניט קענען דעריאגען. אנשטאט דעם וואס ער האט דארטען דער פארלויפער בעדארפט זיין, ער זאל ארויס אנטקעגען דעם פראגרעס לויפען און מיטשלעפען מיט זיך אויך די אלע איבעריגע חברים זיינע, איז פון איהם גאר א נאכלויפער געווארען. עס איז זיין מיסיאן געווארען נאכצולויפען לאיד זשארזש, ער זאל חס ושלום ניט צו ווייט פון דער רעאקציע אנטלויפען, ער זאל ניט צופיעל הינטער זיך קלעמאנסא'ן לאזען. אנשטאט דער פיהרער, דער גענעראל־רעדנער צו זיין, האט איהם די וועלט אין א מתוך, אין א שליש און א בורר איבערגעשמאלצען. אנשטאט וואס ער האט דארטען די ראלע פון א ליכטיגען פריהמארגען באדארפט שפיעלען, האט ער דארטען געשפיעלט די ראלע פון א „בין־השמשות“, די נאכט מיט דעם טאג צו פאראייניגען.

דער ארגינעלסטער שטאטסמאן דענקער פון אונזער צייט האט זיין אייגענע פערזענליכקייט פארלארען און האט געמוזט פון שטיקלעך און ברעקלעך, וואס ער האט פון זיינע חברים אויסגעבארגט, א נייע פערזענליכקייט פאר זיך שאפען. דער שטאטסמאן פאעט, וואס האט זיך מיט אזא שעהנער ארכיטעקטור פון א ווייטען „מארגען“ ארומגעטראגען, איז אין א פראקטיקער פארוואנדעלט געווארען, וועלכער וויל זיך ניט צופיעל מיט דעם היינט איינרייסען.

עס איז אויף זיין גורל אויסגעפאלען, ניט נאר העלפען די מלחמה צוגעווינען, נאר אויך העלפען צושטעלען דעם נויטיגען מאטעריאל פאר דעם ביסעל אינטערעסאנטען קאמיזם, וואס דער פיבאל איהרער פארמאגט.

לאיד זשארזש, וואס אין הלכות שענע שטרעבונגען און א וועלט פארפראזעווען איז ער צו ווילסאן'ס קרסולין אפילו ניט געקומען, לאיד זשארזש, וואס איז געווען דער הויפט כח, וועלכען ווילסאן האט באדארפט באקעמפען בשעת ער האט זיין „עלית־נשמה“ געהאט, בשעת עס האבען זיך איהם זיינע שענע חלומות גע'חלומ'ט, איז פלוצלינג גאר דער גרויסער ראדיקאל און פארזארגער פון דעמאקראטיע געווארען און ווילסאן האט געמוזט אויף זיך די ארבייט נעהמען, זיינע צופיעל צולאזענע און ווילדע ראדיקאלע אינסטינקטען איינצוצאמען.

---

אט אזוי ווערט עס אמאל א מלאך אין א גלח פארוואנדעלט.

ציאַליסטישער געזעלשאַפט. דאַמאַלסט וועלען אַלע קינדער האָבען גלייכע געלעגענהייטען פאַר יעדער אַרט בילדונג ביז דער העכסטער. און אויב עס וועלען דעמאָלט זיין אונטערשיידען צווישען קינדער, וועלען דאָס זיין אַזעלכע וואָס וועלען אָפּהענגיג זיין בלויז פון זייערע פעהיגקייטען. קיין קלאַסען־מאָראַל וועט דעמאָלט ניט זיין, ווייל עס וועלען קיין קלאַסען ניט זיין. די ערציהונג וועט דאַריבער דאַמאַלסט זיין אַ ריין מענשליכע, אָפּגעפאַרבט בלויז מיט דער פאַרב פון דער אָדער יענער נאַציאָנאַלער גרופּע.

די אַרבייטער רינג שול באַהאַלט זיך ניט און וויל זיך ניט באַהאַלטען מיט איהר אמת'ען פנים. די ערציהונג, וואָס זי גיט די קינדער, איז דורכגעדרונגען מיט דער פּראָלעטאַרישער מאָראַל, מיט דעם פּראָלעטאַרישען בליק אויף דעם, וואָס עס איז גוט און וואָס שלעכט און אויך מיט די אינטערעסען פון דעם אידישען אַרבייטער.

אין דער אַרבייטער רינג שול ווערט אַלצדינג אונטעררִיכט אויף אידיש, אויף דער שפּראַך פון די אידישע מאַסען, אויף דער שפּראַך פון דער אידישער געגענוואַרט און פון דער אידישער צוקונפט. די שפּראַך פון דעם אידישען עבר, העברעאיש, אויף וויפיעל זי וועט געלערנט ווערען אין די העכערע קלאַסען פון דער אַ. ר. שול, וועט באַנוצט ווערען בלויז אַלס מיטעל צו געבען די מעגליכקייט די קינדער צו באַקאַנען זיך מיט'ן אינהאַלט פון די בעסטע טיילען פון דער העברעאישער ליטעראַטור, אויף וויפיעל זיי זיינען נאָך ניט איבערגעזעצט אין אידיש.

עס ווערט אין דער אַ. ר. שול זעהר פיעל אָפּגעשטעלט זיך אויף בילדער פון לעבען פון די אַרבייטער און פון זייער קאַמף פאַר בעסערע באַדינגונגען פון לעבען און פאַר אַ בעסערער אָרדנונג. דערביי ווערט דער אַרבייטער דערהויבען צו דער הויך, צו וועלכער ער איז באַרעכטיגט: צו דעם עהרליכסטען און עקזיסטענץ־באַרעכטיגסטען עלעמענט פון דער געזעלשאַפט ווייל ער איז דער איינציגער שאַפענדער עלעמענט, וועלכער האַלט מיט זיין אַרבייט אונטער דאָס גאַנצע לעבען פון דער געזעלשאַפט. עס ווערט צוגעצויגען די סימפּאַטיע פון די קינדער צו די אַרבייטער; די קינדער געוועהנען זיך צו שטעלען זי שטענדיג אויף דעם צד פון די גערעכטע פאָדערונגען פון די אַרבייטער און פון זייער קאַמף פאַר בעסערם, זיי הייבען זיך אָן צו פרעהען מיט די פריידען און געווינסען פון די אַרבייטער און צו ליידען צוזאַמען מיט די אַרבייטער, ווען יענע פאַרלירען און ליידען.

עס ווערען אין דער אַ. ר. שול דערצעהלט די קינדער עפּיזאָדען פון די פרייהייטס באַוועגונגען פון דער אידישער און אַלגעמיינער געשיכטע. און עס ווערט צוגעצויגען די סימפּאַטיע פון די קינדער צו די קעמפער פאַר פרייהייט, אַלץ איינס צו זיי זיינען אַרויס די זיגער, צו זיי זיינען באַזיגט געוואָרען.

עס ווערט אויפגענומען אין דער אַ. ר. שול — אין די קלאַסען גופא אָדער אין די קינדער קלובען, וואָס זיינען מיט איהר פאַרבונדען, — כמעט יעדע וויכטיגערע ערשיינונג פון'ם געזעל־ שאַפטליכען לעבען סיי אין דער נאָהענטער סביבה, סיי אַ[…] דער ווייטערער, אויף וויפיעל נאָר די ערשיינונגען פאַראינטערע[…] סירען די קינדער. וועגען די ערשיינונגען ווערען געפיהר[…] שמועסען. די קינדער אַליין זאָגען אַרויס זייערע מיינונגען, פּיז[…] רען דעבאַטען וועגען זיי, און די לעהרער גיבען די אַלע דעבאַט[…] און שמועסען אַ געוויסע, באַשטימטע ריכטונג, אַרויסגעהענד[…] פון'ם פּראָלעטאַרישען שטאַנדפּונקט. אַזעלכע ערשיינונגען ו[…] די מלחמה, מיליטאַריזם, שאָוויניסטישער פּאַטריאָטיזם, אַ. ד. [...] באַקומען אין דער אַ. ר. שול אַ געהעריגע באַלייכטונג, צוג[…] פּאַסט צום פאַרשטאַנד פון די קינדער.

עס ווערט אויך פיעל געוויכט געלייגט אויף איינצואַווּ[…] לען אין'ם קינד בכלל גוטע מדות און זיטען, גוטע נייגונג[…] און שטריכען. דורך דערצעהלען און לערנען די ביאָגראַפיעס פ[…] גרויסע מענשען, ווערט ביי די קינדער אַרויסגערופען די שטר[…] בונג אַליין צו טאָן גרויסע מעשים. דורך מעשׂות, דערצעהלונג[…] און שמועסען, דורך קאָנטראָלירען די באַציהונגען פון די קינדע[…] צווישען זיך אין קלאַס, אין די קלובען, אויף אַרויספאַהרונג[…] בכלל אין דער שול־סביבה, זעהט די שול אויסצובילדען דעם כ[…] ראַקטער פון די קינדער, זי זעהט אויסצואַרבייטען פון ז[…] אידעאַליסטען; מענשען, וואָס זאָלען פעהיג זיין צו אָפּפער[…] זייערע אייגענע אינטערעסען צוליעב די אינטערעסען פון חברים און בכלל פון דער געזעלשאַפט; וואָס זאָלען זייער סי[…] פּאַטיע שטענדיג האָבען אויף דער זייט פון די שוואַכער[…] אונטערדריקטע, באַרויבטע פון זייערע רעכט און פון די, וו[…] קעמפען פאַר רעכט און פאַר יושר.

דער קלאַסען־כאַראַקטער פון דער אַ. ר. שול באַדייט נ[…] ווי שוין אויבען אָנגעמערקט, אַז עס ווערען געמאַכט געווי[…] דיסקרימינאַציעס ביים אַריינגעמען קינדער אין איהר. די אַ[…] עלטערן, וואָס זיינען מסכים אַז זייערע קינדער זאָלען באַקו[…] די אָנגעמערקטע ערציהונג צוזאַמען מיט די פאַרשידענע ידיע[…] אין דער אידישער שפּראַך, ליטעראַטור, געשיכטע, אַ. ד. [...] געגענשטאַנדען וואָס ווערען דאָרט געלערנט, זיינען ווילקאָמ[…] ווען זיי זיינען אַפילו ניט קיין אַרבייטער. פאַרקעהרט, די אַ[…] וואָס פאַרגעטערען נאָך די אַלטע אָרדנונג און ווילען אויך[…] זייערע קינדער זאָלען בלייבען אָנהענגער און באַשיצער פ[…] דער אָרדנונג, מעגען זיי אַפילו זיין אַרבייטער, קאָנען ניט [...] וועלען ניט שיקען זייערע קינדער אין דער אַ. ר. שול.

אויב די אַרומיגע סקול איז דער הויפּט אינסטרומענט[…] דעם הערשענדען קלאַס צו רעגולירען די גייסטיגע שפּייז פון ד[…] גאַנצען אונטערוואַקסעדיגען דור און צו פאַר'סמ'ען איהם כ[…] דער קאַפּיטאַליסטישער אַנשויאונג אויף זאַכען און מיט שנ[…] צו די אַרבייטער, וואָס קעמפען געגען דעם קאַפּיטאַליזם, [...] די אַרבייטער רינג שול פאַר דעם אידישען אַרבייטער דער געג[…] גיפט געגען דער ווירקונג פון אָט דער סקול אויף זיינע קינדע[…] זי איז פאַר דעם אידישען אַרבייטער דער אינסטרומענט אַ[…] צוצובינדען זיינע קינדער צו זיך, צום אידישען אַרבייטער קל[…] און צו זיינע אידעאַלען.

# אָפּיציעלער צירקולאַר

## זעהר וויכטיג!

צו אַלע בראַנטשעס פון אַרבייטער רינג.

ווערטער פריינד סעקרעטער: — ווי איהר ווייסט, האָט די נאַצ. עקז. קאָמיטע, אויף דער רעקאָמענדיישאָן פון דער נאַצ. אָרג. קאָמיטע, באַשלאָסען צו פּרעזענטירען יעדען מעמבער מיט אַ סעט ביכער, וואָס די עדיוק. קאָמ. גיט אַרויס היינטיגען יאָהר, פאַר יעדע 5 נייע מעמבערס, וואָס ער וועט פאָרשלאָגען און אַריינגעהמען אין אַרבייטער רינג, אָדער פאַר יעדע 10 קאַנדידאַטען, וועלכע ער וועט פיהרען צו דאָקטאָר אונטערזוכונג און זיי וועלען אַריינגענומען ווערען אין אַרבייטער רינג. אום דער דזשענעראַל אָפיס זאָל האָבען אַ גענויעם רעקאָרד פון די אַלע, וועלכע וועלען פאָרשלאָגען נייע מעמבערס איז זעהר נויטיג, אַז דער נאָמען פון דעם פאָרשלעגער זאָל אימער זיין אָנגעגעבען אויף דער צווייטער זייט פון מעמבערשיפּ אַפּליקיישאָן, אויף דעם פּלאַץ, אָנגעגעבען ספּעציעל פאַר דיזען צוועק. דער דזשענעראַל אָפיס וועט האָבען אַ ספּעציעלע קאַרד מיט די נעמען פון די פאָרשלעגער און מיט די צאָהל און נעמען פון די פאָרגעשלאָגענע קאַנדידאַטען. און אַזוי גלייך ווי די קאַרד וועט צייגען, אַז דער באַטרעפענדער פאָרשלעגער האָט שוין פאָרגעשלאָגען און אַריינגענו[…] נייע 5 מעמבערס, וועט מען אַרויסשיקען דעם פאַרשפּראָכענעם פּ[…] זענט. דער אָפיס וועט זיך רעכענען נאָר מיט דעם רעקאָרד, אָנגע[…] בען אויף דער אַפּליקיישאָן. קיינע פּרעזענטען וועלען ניט געגעבען ווערען צו פאָרשלעגער, אויב זייערע נעמען וועלען ניט זיין אויף אַפּליקיישאָנס און זייער רעקאָרד וועט ניט זיין אין אָפיס. עס [...] דעריבער די פליכט פון יעדען סעקרעטער צו זעהן, אַז דער נאָמען יעדען פאָרשלעגער זאָל ערשיינען אויף די אַפּליקיישאָן פון דעם [...] טרעפענדען קאַנדידאַט און דערמיט באַרעכטיגען איהם צו דעם, [...] דער מעמבער פאַרדיענט. מיר שיקען אייך אויך ספּעציעלע בליי[…] וועלכע זאָלען גענוצט ווערען פאַר דעם צוועק צו אינפאָרמירען [...] דזשענ. אָפיס וועגען די מעמבערס, וועלכע וועלען פאַרדיענען [...] פּרעזענט פון די ביכער פאַר פיהרען 10 קאַנדידאַטען צום דאָקט[…] אַזוי גלייך ווי איינער וועט האָבען געפיהרט 10 קאַנדידאַטען [...] דאָקטאָר און די 10 קאַנדידאַטען וועלען אַריינגענומען ווערען [...] מעמבערס; זאָלט איהר אויספילען דעם בלאַנק און צושיקען איהם [...] אָפיס און דער באַטרעפענדער וועט גלייך זיין פּרעזענט קריגען.. [...] פענדיג, פריינד, אַז אַלע בראַנטשעס און מעמבערס וועלען זיך אַרי[…] וואַרפען אין מעמבערשיפּ קאַמפּיין מיט זייער גאַנצער זעלע, פ[…] בלייבען מיר, מיט גרוס, — נאַצ. עקז. קאָמיטע, אָרגאַניזאַציא[…] דעפּאַרטמענט. י. באַסקין, דזשענ. סעק[…]

# די וועלט מיט איהרע אייביגע יסודות און סודות

פון דר. י. ראמבערג.

אונזער ערד־קוגעל מיט אלעס אויף איהם און אין איהם, ווי ווייט מען האט זיך געקענט דערגראבען אין זיינע טיעפעני־שען, באשטעהט סך הכל פון אן אכציג גרונד־שטאפען אדער יסודות, וועלכע מען רופט געוועהנליך אין דער וויסענשאפט עלעמענטען. אט ווי פיעל פארשיעדענע זאכען איהר זאלט ניט זעהען ארום זיך אין אירגענד וועלכען טייל פון אונ־זער ערד־קוגעל, אויף דער יבשה אדער אין ים, זיינען זיי אלץ פון א קליינעם צאהל אזעלכע עלעמענטען.

פון ערשטען בליק, .ווען מען באטראכט א פעלד, א וואלד, א. אז. וו., ווען מען סארטירט מינעראלען (פארשיעדענע סאר־טען שטיינער), פלאנצען און חיות, שיינט עס ,אז זיי ענטהאל־טען אין זיך עפעס גאנץ פארשיעדענע שטאפען און אין גאנץ גרויסע צאהלען דערצו, אבער אין דער ווירקליכקייט איז עס ווייט ניט אזוי. וואס אנבאלאנגט די טויזענדערליי פלאנצען און חיות, די גאנצע ארגאנישע וועלט, ווי מען רופט געוועהנליך אלעס וואס עס וואקסט און לעבט אויף אונזער ערד־קוגעל, באשטעהען זיי ניט מעהר ווי פון 14 עלעמענטען, נור פארבונדען אין פאר־שיעדענערליי פראפארציעס.

דאס מעג אייך וואונדערען אבער אזוי איז עס. ווען איהר וואלט צונליעדערט אלערליי זאכען, וועלכע מען געפינט אויף אונזער ערד־קוגעל, אבער ווי מ'זאגט עס אויף דעם וויסענ־שאפטליכען לשון, געמאכט אנאליזען, אט אזוי ווי כעמיקער האָ־בען עס געטאן אין פארלויף פון דורות און הערען עס ניט אויף צו טאן; אדער ווען איהר וואלט פיעל־ווינציג באקאנט געוועזען מיט דער כעמישער וויסענשאפט, וואלט עס פאר אייך געוועזען א געוועהנליכע זאך, ווי למשל, אז אייזען ראסטעט, אז וואסער ווערט אומגעוואנדעלט אין דאמף דורך ווארימקייט, אז אהן לופט קען האָלץ ניט ברענען א. אז. וו., א .אז. וו.

עס קען זיין, אז ערד ענטהאלט אין זיך מעהר יסודות אדער עלעמענטען, דאס איז ביז היינט אויסגעפונען געווארען פון כע־מיקער. דאס מעג מען אננעהמען שוין צוליעב דעם, ווייל פון צייט צו צייט ענטדעקט מען טאקע נייע עלעמענטען, דאס ווייסט, אזעלכע, פון וועלכע מען האט פריהער גאר קיין אהנונג ניט געהאט אויך אין דער וויסענשאפטליכער וועלט.

אין די לעצטע פאאר צעהנדליג יאהר איז עס גראדע גע־לונגען צו ענטדעקען א צעהנדליג נייע עלעמענטען דערפון ניט ווייניגער פון פיער אין דער לופט, וועלכע מיר אטהעמען אריין אין זיך. אין 1892 האבען כעמיקער געצעהלט 7 עלעמענטען, און מיט א יאהר 18 שפעטער איז זייער צאהל געוואקסען ביז 82. דער מערקווירדיגסטער און וואונדערבאר־סטער פון דיעזע ניי־ענטדעקטע עלעמענטען, איז דער מעטאל ראדיום, פון וועלכען יעדער איינער האט געוויס עפעס געהערט.

אבער ווי פיעל מען האט ניט אנאליזירט אלערליי פלאנ־צען און חיות אין כעמישע לאבאראטאריעס, האט מען נאך אלץ ניט ענטדעקט אין זיי אן אנדער עלעמענט אויסער די שוין לאנג באקאנטע פערצעהן. ווי ווייט מען ווייס עס יעצט, האבען די ניי־ענטדעקטע עלעמענטען, ווי אויך די מייסטע פון די אלט־באקאנטע עלעמענטען, גאר ניט צו טאן מיט דער ארגאנישער אדער, אויב איהר ווילט עס אזוי רופען, מיט דער לעבעדיגער וועלט.

פאר וואס דאס איז, פאר וואס פלאנצען ציהען אריין אין זיך בלויז 14 עלעמענטען בשעת זיי וואקסען, דאס בלייבט נאך א פארבארגענער סוד פון דער נאטור, ווי די צאהל און אויך פארשיעדענע מעלות פון עלעמענטען בכלל. אויך בלייבט עס א טיעפע געהיימניס, פאר וואס די מאס אדער קוואנטיטעט פון די יסודות איז גאר ניט גלייך.

זעהט איהר, ארום א העלפט פון דעם גאנצען ערדקוגעל אין וואג באשטעהט גראדע פון אזא גאז, וואס געפינט זיך אין זיין ריינעם צושטאנד (דאס מיינט: ניט באהעפט מיט אנדערע זאכען) אין דער לופט און וואס ווערט גערופען אקסיזשען (דייטש: זויער־שטאף, רוסיש: קיסלאראד). עס איז ניט פאראן אזא פלאנץ, אזא חיה, וואס זאל גאר ניט ענטהאלטען אין זיך אט דעם דאזי־גען פארשפרייטעסטען יסוד אויף אונזער ערד־קוגעל. ארום אכט־ניינטעל פון וואסער ארום דריי פערטעל פון דער טהיער־וועלט און ארום פיער־פינפטעל פון דער פלאנץ־וועלט (אלץ אין וואג) באשטעהט אט פון דעם דאזיגען גאז אק־סיזשען. דאס איז אלזא אויך דער הויפט־עלעמענט פון דער לעבעדיגער וועלט.

דער נעכסטער אין פארשפרייטונג אויף דעם ערדקוגעל נאך אקסיזשען איז דער עלעמענט, וואס מען רופט אין דער כעמיע סיליקאן און וואס געפינט זיך מייסטענס אין זאמד. (דיזער נאמען קומט פון א לאטיינישען ווארט, וואס באדייט: קרעמען). ארום א פערטעל פון דעם גאנצען ערדקוגעל באשטעהט אט פון דעם דאזיגען זאמדיגען אדער שטיינערדיגען עלעמענט (די זאכען וואס ענטהאלטען איהם אין זיך ווערען גערופען „סיליקאטען").

נאכער פאלגען אין זייער פארשפרייטונג דער מעטאל אלומיניום, וועלכער געפינט זיך מייסטענס אין ליים און וועלכער איז יעצט אלעמען גאנץ גוט באקאנט, ווייל מען פאבריצירט פון איהם פארשיעדענערליי אפט געברויכ־ליכע זאכען. מען רעכענט, אז אונגעפעהר 8 פראצענט פון דעם ערד־קוגעל באשטעהט פון אט דעם דאזיגען זעהר לייכ־טען מעטאל.

נאך איהם קומט אין פארשפרייטונג דער אלט־באקאנטער מעטאל אייזען (אונגעפעהר 7 פראצענט פון דעם ערד־קוגעל) און די מעטאלען קאלציום (ער געפינט זיך מייס־טענס אין קאלך, פון וואנען עס קומט אויך דער נאמען פון דיזען עלעמענט), מאגנעזיום, נאטריום אדער סאדיום (דיזער עלעמענט געפינט זיך אין קאך־זאלץ, סאדא־זאלץ, א. אז. וו.), קאליום אדער פאטא־סיום (דיזער נאמען קומט פון פאטאש־זאלץ), און די גא־זען היידראזשען אדער וואסערשטאף (דאס איז דער לייכטסטער פון אלע באקאנטע גאזען; ער געפינט זיך מייס־טענס אין וואסער פון וואנען עס קומט זיין נאמען) און ניט־ראזשען (דייטש: שטיקשטאף, רוסיש און פראנצויזיש: אזאט), פון וועלכען עס באשטעהט פיער־פינפטעל פון דער לופט (אט בשעת מיר אטעמען, ציהען מיר אריין אין זיך 4 חלקים ניטראזשען און 1 חלק אקסיזשען, ניט רעכענענדיג וואסערדאמף און עטליכע אנדערע גאזען, וועלכע בילדען צוזא־מען א גאנץ קליינעם פראצענט פון דער לופט).

אט די אויבען אויסגערעכענטע צעהן עלעמענטען פארנעהמען צוזאמען איבער 99 פראצענט פון דעם גאנצען ערדקוגעל. פאר אלע איבעריגע עלעמענטען בלייבט אלזא, עטוואס ווייניגער פון איין פראצענט. איינינע עלעמענטען זיינען אזוי ווינציג פארשפרייט, אז מען רופט זיי טאקע אין דער כעמיע „זעלטענע".

אבער מאנכע פון די ווייניג פארשפרייטע עלעמענטען שפיעלען גראדע אן אונגעהייער וויכטיגע ראלע אין דער אר־

גאנישער וועלט. דאגעגען, א פּאָאר פון די באזאָנדערס פארשפּרייטע עלעמענטען, אָט ווי אלומיניום, קומען גאָר ניט אריין אין אירגענד וועלכע פלאנצען, און אזוי ווי חיות שפּייזען זיך מיט פלאנצען, דירעקט אָדער אינדירעקט, דארום אויך ניט אין דער טהיער־וועלט.

פאַר וואָס דאָס איז אזוי, איז ווידער א טיעפער סוד פון דער נאַטור. עס קומט עפּעס אוים ווי א קאפּריז־זאַך, אז פלאַנצען זאָלען ניט ארייננציהען אין זיך פון דעם באָדען די עלעמענטען סיליקאָן און אלומיניום, די הויפּט שטאָפען פון זאמד און ליים, און דערפאַר ארייננציהען אין זיך אזעלכע פארהעלטניס־מעסיג זעלטענע עלעמענטען, ווי פאָספאָר און שוועבעל. אָבער אזוי וויל די נאַטור.

די 14 עלעמענטען, וואָס דיענען אלס שפּייז פאר פלאנצען און איבערהויפּט פאַר דער גאנצער אָרגאנישער וועלט, געפינען זיך טיילווייז אין דער לופט און טיילווייז אין דעם באָדען, וואו זיי וואקסען.

די וויכטיגסטע פון זיי זיינען די פאָלגענדע צוועלף: זויער־שטאָף, קאָהל־שטאָף (אויף ענגליש: קארבאָן, דאָס איז פשוט גערעדט קויהלען), נייטראָזשען, שוועבעל, אייזען, פאָספאָר, קלאָרין (דאָס איז אזא געלער און שטיקענדער גאז, וואָס מען באַקומט געוועהנליך פון קאַך־זאלץ), נאַטריום, קאַליום, קאַלציום און מאַגנעזיום.

אָהן זיי קען קיין פלאַנץ אָדער חיה ניט עקזיסטירען. דאָס זיינען וואָס מען רופט אויך לעבענס־עלעמענטען, ווייל פון זיי זיינען צוזאַמענגעשטעלט אין פארשיעדענע קאָמבינאַציעס אַלערליי באַשעפעניסען, אָט די אלע סאָרטען פלאַנצען און חיות.

ניט רעכענענדיג דעם עלעמענט קאָהל־שטאָף, וואָס מעג גערעכענט ווערען פאַר דעם פונדאמענט פון דער אָרגאנישער וועלט (וועלכע פלאַנץ אָדער באַשעפענים איהר זאָלט ניט ברענען, וועט איהר דאָך אלץ געפינען נאָכדעם קויהלען), באַקומען פלאַנצען זייער שפּייז דורך וואַסער אין באָדען. געוויסע אַלגעמיינע זאַלצען, ווערען איינגעזייט אין דעם וואַסער, וואָס קומט אריין אין דעם באָדען מייסטענס דורך רעגענס, און די וואָרצלען פון די פלאַנצען ציהען זיי אריין אין זיך צוזאַמען מיט'ן וואַסער.

אַז אָהן וואַסער קען קיין פלאַנץ ניט וואַקסען, דאָס ווייסען דאָך קליינע קינדער. אָבער אַז מען לערנט כעמיע, ווייס מען, אַז עס איז ניט בלויז דעריבער, ווייל זיי נויטיגען זיך אין וואַסער גופא (און דאָס באַשטעהט בלויז פון צוויי עלעמענטען, נעמליך: פון זויער־שטאָף און וואַסער־שטאָף), זאָנדערן אויך ווייל זיי קענען גאָר ניט וואַקסען אָהן די זאַלצען, וועלכע דאָס וואַסער לייזט אויף אין זיך בשעת עס מאַכט פייכט דעם באָדען און וועלכע ענטהאַלט אין זיך אייזען, שוועבעל, פאָספאָר, קאַליום, נאַטריום, א. אז. וו.

אין יעדען באָדען געפינען זיך אָט דיזע יסודות, אָבער ניט אין א גלייכער מאָס. דארום קומט עס צו געברויכען באַמיסטיגונגען אָדער פערטי־לייזערס, אום צו מאַכען דעם באָדען פרוכטבאַר. דאָס מיינט פשוט, אַז מען לייגט אריין קינסטליך אין א פעלד געוויסע זאַלצען, וועלכע געפינען זיך ניט אין א גענוגענ־דער מאָס דאָרטען, אום פלאַנצען זאָלען קענען גוט וואַקסען. געוועהנליך נויטיגען זיך פעלדער אין אזעלכע פערטילייזערס, וועלכע ענטהאַלטען אין זיך די יסודות קאַליום (פּראָסט גערעדט: פּאָטאַש), פאָספאָר און נייטראָזשען.

די איבעריגע שפּייז־שטאָפען פאַר פלאַנצען געפינען זיך געוועהנליך גענוג אין אַלע פעלדער, אין יעדען באָדען. אָט, למשל, אייזען. עס איז ניטאָ אזא שטיקעל ערד, וואָס זאָל גאָר ניט ענטהאַלטען אין זיך דיזען מעטאַל. און אזוי איז עס אויך מיט די מעטאַלען קאַלציום, סאָדיום און מאַגנעזיום. מען רופט זיי טאַקע דארום „ערד־עלעמענטען“.

וואָס אַנבאַלאַנגט דעם עלעמענט קאַרבאָן אָדער קויהלען, פּרינגען איהם די פלאַנצען אריין אין זיך מייסטענס פון דער לופט, וואו ער געפינט זיך אין א געוויסער כעמישער פאר־בינדונג אָדער באַהעפטונג מיט זויער־שטאָף, וועלכע טראָגט דארום דעם נאָמען קאַרבאָניק עסיד (קויהלענזויע־רע). דאָס איז דער גאַז, וועלכער געפינט זיך אין ביער, אין סאָדאַ־וואַסער, שאַמפּאַניער, א. אז. וו. דאָס איז אויך דער גאַז, וואָס מיר און אַלע חיות אַטעמען פון זיך ארויס צוזאַמען מיט פאַרע (וואַסער־שטאָף).

ווי אזוי עס קומט פאָר, אַז פלאַנצען ציהען אריין אין זיך דעם קאָהלשטאָף, וואָס חיות אַטעמען ארויס פון זיך נאָך יעדע אָטעם, און לאָזען ארויס פון זיך דעם זויערשטאָף, דאָס וועל איך אויספיהרליך באַשרייבען און ערקלערען אין א באַזונדער אַרטיקעל. דאָ וועל איך בלויז באַמערקען, אַז דאָס איז דער רעזולטאַט פון דער ווירקונג פון זונען־שטראַלען און א געוויסען שטאָף, גענאַנט קלאָראָפיל, וואָס געפינט זיך אין די בלעטער און מאַכט זיי גרין. דיזער שטאָף האָט די מעלה צו צושפּליטערען אָדער פאַנאַנדערטיילען די קויהלענזויערע אזוי, אַז דער קויהלשטאָף זאָל בלייבען אין די פלאַנצען און דער זויערשטאָף זאָל פריי ווערען.

אין דער לאַבאָראַטאָריע פון דער נאַטור געהט אָן שטענדי אזא וועקסלונג פון שטאָפען, וועלכע מאַכט מעגליך די עקזיסטענץ פון דער גאַנצער אָרגאַנישער וועלט די לופט ווערט אזוי, מעג מען זאָגען, געריינגט פ חיות און געהאַלטען אין איהר געוועהנליכען צושטאַנד. זאָגט ווען פלאַנצען וואָלטען ניט איינגעשלונגען אין זיך דעם קאָה שטאָף, וואָס בילדעט, זאָ צו זאָגען, זייער סקעלעט און וואָ חיות אָטעמען ארויס פון זיך, און וואָלט ניט ארויסגעלאָזען פ זיך דעם זויערשטאָף וואָלט די לופט אזוי אָנגעפילט געוואָר מיט קויהלענזויערע, אַז אַלע חיות וואָלטען פשוט דערשטיק געוואָרען. יעדער איינער ווייס עס דאָך, ווי שווער און אונגע זונד עס איז צו אָטעמען אין א צימער, וואו עס געפינען זיך לענגערע צייט א סך מענשען. דאָס איז דעריבער, ווייל די לופ דאָרטען ווערט אזוי אַלץ מעהר אָנגעפילט מיט דע קויהלענזויערע, וועלכע מיר אָטעמען ארויס פון זי און וועלכע פאַרגיפטעט אונז.

און די פלאַנצען, וועלכע ציהען אריין אין זיך דוקא א דעם דאָזיגען שטיקענדען און גיפטיגען גאַז, ריינינגען אזוי די לופט פאַר אונז און מאַכען אונז מעגלי טאַקע צו אָטעמען וואָס מיר רופען פרישע לופט א וואָס עס מיינט געוועהנליך אָהן קאַרבאָניק עסיד

דאָס וואָס עס איז א גיפט פאַר א חיה, ווען זי אָטעמ עס אריין אין זיך צופיעל, איז גאָר די בעסטע שפּיי פאַר א פלאַנץ. אזוי איז דער געזעץ פון דער נאַטור, אזוי א די אָרגאַנישע וועלט באַשאַפען געוואָרען, און אזוי וועט עס א געהן זאָ לאַנג דער ערדקוגעל וועט זיך דרעהען ארום דער זו אַלעס, וואָס עס בלייבט אונז צו טאָן, איז אויסצופאָר שען, ווי אזוי דאָס קומט פאָר, וואָ פאַרע פראָצעסען עס געהען אָן אין אזעלכע וואו דערבאַהע וועקסלונגען פון די שטאָפען, וועלכע זיינ אַלץ צוזאַמענגעשטעלט פון אזא קליינער צאָהל עלעמענטען.

דעם אָנפאַנג פון אַלע אָנפאַנגען, פאַר וואָס די וועלט א באַשאַפען אזוי און ניט אַנדערש — דאָס וועלען מיר קיין מ ניט דערגעהען.

דאָס וועט טאַקע בלייבען אן איבּיגע געהיימנים, ווי פּי מיר זאָלען ניט פילאָזאָפירען. נאָך אַלעמען מוז דאָ עפּעס עקזיסטירען. וואָס הייסט עס: גאָ נישט? ווי אזוי קען עפּעס ווערען פון גאָרנישט? קע איהר זיך גאָר פאָרשטעלען א גאָרנישט? און ווען איהר זאָ זאָגען, אַז פאַר מעשה בראשית האָט גאָר ניט עקזיסטירט, א דאָס דאָך בלויז א שפּיעלוואָרט, ווייל דער מאַטעריאַל פ וועלכען דאָס איז געשעהן, האָט דאָך געמוזט זיי אין גענדוואו אין דעם וועלט־רוים.

אָבער די יעניגע, וואָס בילדען זיך איין, אַז זיי קענען דע גרייכען די איביגע סודות דורך גלויבען, אַז זיי ווייסען ע מעהר פאַר די נאַטור־פאָרשער, פאַר וואָס די וועלט איז באַשאַפ

# דער גורל פון דעם פלאמב פלאן

ד — ש. ראבינאוויטש

דער פלאמב־פלאן איז איצט ביי אלעמען אויף די ליפען. די רעאקציאנערען זיינען אין איין שרעק, זיי זעהען אין איהם דעם סוף פון דער קאפיטאליסטישער הערשאפט. די קאפיטאליסטישע פרעסע האט שוין איהם געשטעמפעלט אלס לענין'ס א מאכערייקע. פארקערט, די ראדיקאלען און די ליבעראלען באגריסען איהם זעהר ווארים. און איהר קענט אפילו געפינען א היבשע ביסעל סאציאליסטען, וועלכע זיינען איבעראשט פון דעם פלוצלונגען ראדיקאליזם פון די אמעריקאנער ארבייטער. דוכט זיך, קאנסערוואטיוו אונבאוועגליך איז דער אמעריקאנער ארבייטער, און מיט אמאל, וואונדער שבוואונדער, גיט ער זיך א הויב און ער איז גרייט איבערצוקערען וועלטען, פונקט, ווי איוואנושקא דוראטשאק. און פארגעסט ניט, אז פאר דעם פלאן שטעהען ניט נאר די אייזענבאהן ארבייטער פון לאנד, נאר אויך די אמעריקאן פעדערייש[א]ן אוו לייבאר. אויף איהר לעצטער קאנוועגשאן האט זי איהם אינדאסירט, און סעמועל גאמפערס, איהר פרעזידענט, איז אויך דער „האנארייבל" פרעזידענט פון דער ליגע, וועלכע ארבייט פאר דער פארווירקליכונג פון דעם „פלאמב־פלאן"!

איז ווירקליך געשעהן עפעס א נס, אז גאמפערס זאל שטיצען א רעוואלוציאנערען פלאן?

לאמיר זיך אביסעל מעהר צוקוקען צו דעם „פלאמב־פלאן".

מיר וועלען זיך ניט ארייגלאזען אין איינצעלהייטען, ווייל מיר גלויבען, אז דער לעזער איז מעהר אדער וועניגער באקאנט מיט איהם. מיר וועלען זיך אפשטעלען אויף די, זא צו זאגען, עזועלשאפטליכע כחות, אויף וועלכע דער פלאן שטיצט זיך.

ווי עס איז באוואוסט, האט פלאמב, דער גענעראל־לאיער פון די אייזענבאהן ארבייטער, ארויסגעשטעלט פאלגענדע פאדערונגען:

די רעגירונג זאל איבערנעמען די אייזענבאהנען און באצאהלען וייערע בעלי בתים מיט באנדס, וועלכע זאלען טראגען בלויז 4 פראצענט. דאן וועט ארגאניזירט ווערען אן „אייזענבאהן־קארפארעישאנס", וואס וועט פארוואלטען די אייזענבאהנען, ניט פאר פראפיטען, נאר פאר דעם פאלקס־נוצען. דאן וועט די קארפאראציאן אויסקלייבען א באארד אוו דירעקטארען, וואס וועט זיין די גאנצע בעל־הבית'טע איבער די באהנען. די באארד דארף באשטעהן פון 15 מענשען. פינף פון דער רעגירונג, וועלכע זאלען רעפרעזענטירען דאס פאלק; פינף פון די פארוואלטער, ווי למשל, סופעראינטענדענטס, מענעדזשערס, פארלייטע און פינף פון די ארבייטער.

די איינקונפט פון די אייזענבאהנען, נאכדעם, ווי מען וועט באצאהלען פאר די גאנצע הוצאות און די פיער פראצענט צו די פריהערדיגע בעלי בתים וועט צוטיילט ווערען צווישען די ארבייטער און דעם פובליקום. —

וואס זיי וועלען טאן נאכדעם מיט די געלד, איז פאר אונז דערווייל ניט וויכטיג. מיר וועלען זיך בלויז אפשטעלען אויף דעם פערסאנאל פון דער „באארד אוו דירעקטארס".

פינף מענשען פון דער רעגירונג, וועלכע וועלען פארטרעטען דאס פאלק! דער גענעראל לאיער פון די אייזענבאהן־ארבייטער איז נאך, מילד גערעדט, גאנץ נאאיוו, ווען ער מיינט, אז א קאפיטאליסטישע גרירונג רעפרעזענטירט די ברייטע מאסען. מען דארף זיך ... ריבלען אין דיקע ביכער און מען דארף ניט פארשען די געשיכטע, אום צו ... סען, אז אין יעדע קאפיטאליסטישע לאנד איז די רעגירונג א קאפיטאליסטישע, און באזאנדערס אין דער דעמאקראטישער אמעריקא, וואו די גאנצע רעגירונגס־מאשין ווערט קאנטראלירט פון קאפיטאל.

און ווייס דען ניט גלען פלאמב, אז, וואו די רעגירונג בעל־הבית'עוועט איז פאר די ארבייטער ערגער, ווי ווען פריוואט קאפיטאל האט די דעה? ווערען די פאסט אפיס ארבייטער וועניג עקספלואטירט? לאזט מען זיי ארגאניזירען אין יוניאנס? ווערען דען ניט באנוצט פון דער רעגירונג די ערגסטע רעפרעסיעס צו אונטערדריקען איהרען א סטרייק?

און צו די פינף „פאלקס" מענשען, קומען צו נאך פינף... פארוואלטערס, מענעדזשערס, סופעראינטענדענטס, אויך עהנליכע „פאלקס" מענשען. האבען מיר, הייסט עס, צעהן, און פינף, ב ל ו י ז פ י נ ף פון „ראבאטשי נאראד"!

און אזוי ווי מיר האבען נאך ניט דערלעבט צו יענער וואונדערליכער צייט, וועגען וועלכער ישעיהו הנביא האט געטרוימט, אז עס וועט קומען א צייט, ווען א וואלף מיט אשעפסעלע וועלען לעבען צוזאמען — און מיר גלויבען, אז מיר וועלען קיינמאל צו אזא צייט ניט דערלעבען — דארף מען פון דעם פלאמב־פלאן אין ציגענע התפעלות ניט ארייגקומען.

לאמיר זיך פרואווען פארשטעלען דעם פלאן אין דער ווירקליכקייט, און זעהן צו וואס עס קען ברענגען.

עס קלייבען זיך אויף די פופצעהן מענשען און באשטימען, לאמיר זאגען, די פרייזען. אזוי ווי צעהן מענשען פון די פופצעהן האבען דעם גרויסען עולם טיעף אין דער אדמה, ווילען זיי דוקא רייסען די הויט פון'ם עולם. די פינף פון „ראבאטשי נאראד", לאמיר זאגען, פראטעסטירען. זיי ווייזען אן, אז דאס וועט זיין פליינע רויבעריי. זיי קענען אבער ניט העלפען. זיי זענען אין דער מינאריטעט.

גיכער אבער קען געמאלט זיין, אז די פינף ארבייטער וועלען גאר ניט פראטעסטירען אויך. פארוואס זאלען זיי? וואס העכער די פרייזען, אלץ מעהר מיליאנען וועט מען מאכען, און אלץ מעהר וועט ארייגפאלען צו די אייזענארבייטער. אי, וואס אין פלאמב'ס פלאן איז געוועזן בפירוש געזאגט, אז מען זאל צוטיילען צווישען זיי און דעם עולם, נו, איז האט איהר אן עולה. וואס איז, אלעם וואס מ'פארשפרעכט, טוט מען? מיר ווייסען פון פיעלע גאלדענע פארשפרעכונגען וועלכע האבען געפלאצט, ווי א זייפען־בלאז, אין דער ווירקליכקייט.

דער אפעטיט קומט ביים עסען. די ארבייטער, זייענדיג אין דער „באארד אוו דירעקטארס" אין דער מינאריטעט, וועלען גאנץ שנעל ארייגציהען זיך אין דער פסיכאלאגיע פון נעהמען און ניט געבען, — די פסיכאלאגיע פון דעם קאפיטאליסט.

וואס וועט זיין דער סך הכל? דער סך הכל וועט זיין, אז אנשטאט א קליינע הייפעלע מיליאנערען, וועלען מיר האבען א גרויסע צאהל בעל־הבתים'לאך. פאר די אייזענארבייטער וועט עס געוויס זיין בעסער, אבער פאר די מאסען — איז א גרויסער צווייפעל. עס קען נאך אויסקומען פיעל ערגער. איצט שטעהען נעגען די הייפעלע אייזענבאהן־בעלי בתים די אייזענארבייטער און אלע אנדערע ארבייטער, וואס רופען זיך פובליקום. ווען דער פלאמב־פלאן זאל פארווירקליכט ווערען, וועלען שוין די אייזענארבייטער פארנעהמען דעם פלאץ פון די מאגנאטס...

---

[...]וווארען ד ו ק א א ז ו י ווי מיר זעהען און באנעהמען [...]יהר, און נ י ט א נ ד ע ר ש. ווען זיי זאגען, אז א נ א ט [...]אט עס אלעם ב א ש א פ ע ן, נארען זיי זיך בלויז אליין און [...]רקלערען ב א מ ת ג א ר נ י ט. שליסליך פאר[...]טפערען זיי נאר איין נ ע ה י י מ נ י ס פ ו ל ע פ ר א נ ע, [...]יין אייבינען סוד, מיט אן אנדערען, און אויסער דער נאטור[...]יסענשאפט ווייסען מיר טאקע קיין זאך ניט.

לאָמיר איצט א קוק טאָן, וואָס פאר א פּאָליטישע וויר־קונג דאָס קען האָבען.

די אייזענבאהן־ארבייטער, און איבערהויפּט דער טראנס־פּאָרטיישאָן פּראָלעטאריאַט, שפּיעלט זעהר א וויכטיגע ראָלע אין דער באפרייאונג פון׳ם ארבייטער קלאַס. זיינען זיי אונ־באוואוסטזיניג, פארשטעהען זיי ניט זייערע קלאַסען־אינטערע־סען, האָן זיינען זיי א ווערק־צייג אין די הענד פון דעם הער־שענדען קלאַס. דאן ווערט יעדע באפרייאונג דערשטיקט; און פּארקעהרט, זיינען זיי געקומען צו זייער באוואוסטזיין — וואר־פען זיי א שרעק אויף די מאכט־האָבענדע, און די ארבייטער קעמפּע קרוינען זיך מיט ערפאָלג.

נעהמט, צ. ב. דעם „טריפּל עללייענס", דעם דריי בונד פון די אייזענבאהן־טראנספּאָרטיישאָן־און מינען ארבייטער אין ענגלאנד.

וויפיעל, שטעלען מיר זיך פאָר, שלאָפלאָזע נעכט האָט ללאָיד דזשאָרדזש איבער זיי געהאט! און אז זיי וועלען זאָגען לא, מיר וועלען ניט פיהרען קיין סאָלדאטען ארויסצוהעלפען קאָלטשאק׳ן, וועט קאלטשאק זיך רוקען אלץ ווייטער אינ׳ם קאל־טען סיביר, און די רעוואָלוציאָנערע רעגירונג פון רוסלאנד וועט אונגעשטערט אָנגעהן מיט איהר קאָנסטרוקטיווע ארבייט.

איצט, לאָמיר זיך צוקוקען, ווי וועט זיך אויפפיהרען די באָארד אָוו דירעקטאָרס פון די אייזענבאהנען אין אמעריקא אין אזא פאל.

לאָמיר געדענקען, אז די „באָארד אָוו דירעקטאָרס" איז די גאנצע פארוואלטערין און דעה זאָגערין אין אלץ, וואָס אַנ־באלאנגט די אייזענבאהנען. און פאר אָט דער „באָארד" שווימט ארויף די פראגע: זאָל מען פיהרען סאָלדאטען נאָך רוסלאנד, צו באקעמפען די סאוועטען רעגירונג, צי ניט?

ווי וועט דאָ די „באָארד" האנדלען?

מיר גלויבען, אז מען דארף קיין נביא ניט זיין, פאָראויס־צוזאָגען, אז זי וועט באשליסען, יא שיקען. ס׳איז גאנץ פּשוט: צעהן פון די אייזענבאהן פארוואלטער, די מאיאָריטעט, זיינען דם שונאים די באָלשעוויקעס. און מען קען זיך פאָרשטעלען, אז אפילו די פינף ארבייטער וועלען זיך אויך שטארק ניט האָמפּערען וועגען דעם: זיי זיינען שוין אריינגעצויגען אין בעל־הבתישקייט, וואָס בליהט אָם בעסטען, ווען עס איי אָרדנונג און רוהע אין דער וועלט, און ניט קיין באָלשעוויסטישער „אנאר[...] כיזם". און דאָס זעלבע, נאטירליך, קען געזאָגט ווערען וועג[...] די צעהנדליגע טויזענדער „רענק און פייל" פון די אייזענבאהן [...] ארבייטער.

דאָס ביסעלע באוואוסטזיין, וואָס דער אייזענבאהן אר[...] בייטער האָט זיך ערוואָרבען וועט דורכ׳ן פּלאָמב־פּלאן גאנ[...] גיך אויסגעוועפּט ווערען.

נאָר וואצו געהן אזוי ווייט, ווי אין רוסלאנד? אָט ד[...] טאָקע, ביי אונז גופא, אז עס זאָל, למשל, אויסברעכען א גרו[...] סער סטרייק, און די רעגירונג וועט זיך פיהלען געצוואונגען [...] שיקען איהרע סאָלדאטען אלס סטרייק־ברעכער — ווי דענק[...] איהר, וועט די „באָארד אָוו דירעקטאָרס" ארויסגעבען א בא[...] פעהל, אז די אייזענבאהנען ארבייטער זאָלען זיך ענטזאָג[...] ברענגען די סאָלדאטען צו די סטרייקענדע ארבייטער? א נע[...] טיגער טאָג! פון די פופצעהן פארוואלטער, זיינען 10 פארב[...] סענע נעגנער פון די באוואוסטזיניגע ארבייטער!

דער פּלאן וואָלט געווען אן אויסגעצייכענטער, ווען... [...] גאנצע פופצעהן וואָלטען באשטאנען פון ארבייטער, אָבער ד[...] איז דאָך דאָס שוין אמת׳ער „באָלשעוויזם"...

דאָך וועט דער „פּלאמב־פּלאן" אויפטאָן זעהר פ[...] נוטעס. פאר די אלע פאָלגען, וועלכע מיר האָבען איבען [...] געמערקט, איז ניטאָ וואָס צו שרעקען זיך, פּשוט דערפאר, ווי[...] דער פּלאן וועט, גלויבען מיר, ניט רעאליזירט ווערען. גרו[...] קאפּיטאל וועט דערצו קיינמאָל ניט דערלאָזען. און דאָס וו[...] מוזען ברענגען די אייזענבאהן־ארבייטער, פונקט, ווי אלע [...] בעריגע ארבייטער, צו דעם געדאנק פון א ריין ארבייטער־פ[...] וואלטונג, צום סאָציאַליסטישען געדאנק.

דער „פּלאמב־פּלאן" איז א גרויסער שריט פאָרווערטס [...] דעם ארט דענקען פון׳ם אמעריקאנער ארבייטער. ער האָט דאָך ארויסגעריסען פון די שמאָלע 5 סענטיגע אינטערעסען. האָט שוין א פּראָגראמע מינימום און א פּראָגראמע מאקסימ[...] און ווען עס עפענען זיך אביסעל די אויגען ביי די ארבייט[...] וועלען זיי זיי שוין קיינמאָל ניט פארמאכען. זיי וועלען עפענען אלץ מעהר, ווייל זיי וועלען דערזעהן א וועלט וואָס [...] לאנגט צו זיי.

פון נחום י.

# דער אייזעל

נאָך (עזאָפּ־קרילאָוו).

ביים פויער איז געווען אן אייזעל, אויף אזוי פיעל
באשיידען, דאכט זיך, שטיל און פרום —
אז אונזער פויער פלעגט איהם לויבען אומעטום.
אוים מורא און אוים צווייפעל,
אז אין א שעהנעם טאָג
זאָל איהם דער אייזעל ניט פארלאָזען, —
האָט ער איהם אויפגעהאנגען אויפ׳ן האלז א גלאָק.
דער אייזעל האָט זיך דאָ גענומען בלאָזען
און מיינען, אז ער איז, גאָט ווייס, ווי גרויס.
נאָר שפּעטער איז דער כבוד איהם מיט קלעפּ ארויס...
(דער ביישפּיעל איז דאָ ניט פאר אייזלען בלויז.)
איך מוז אייך זאָגען אין דער שטיל,
אז עהרע פיעל
האָט פריהער אויך דער אייזעל ניט געהאט.
נאָר ביז׳ן גלעקעל פלעגט איהם אלץ אראָפּגעהן גלאַ[ט]:
און פלעגט ער ווען אריין אין האָבער, צי אין גארטען
פלעגט ער זיך אָנפרעסען צו זאַט —
און שטילערהייט ארויס פון דאָרטען.
נאָר איצט איז אנדערש אלץ אוועק ווי ביז אהע[ר]:
דען ווי מיין פריץ טוט זיך נאָר א קעהר,
דערהערט זיך גלייך א הויכער קלאנג.
און אָנגעהויבען האָט מען זעהן פון צייט
צו צייט,
ווי ס׳טרייבט דער פויער איהם פון גארטען מיט א שט[...]
און אויך דער שכן
דערהערענדיג פון ווייטען,
אז ס׳איז דער אייזעל אויף זיין פעלד פארקראָכען, —
צוברעכט מיט פלעקעד איהם די זייטען.
ביז הערבסט איז אונזער נייער האַר,
וואָס איז געווען פון אלעמען געטריבען,
אזוי געוואָרען נעבאך דאַר,
אז הויט אוןביינער נאָר זיינען פון איהם פארבליבען.

# די פונקציעס פון די דריזען

דר. ה. קלימענקאָ.

דער צווייטער וויכטיגער גלענד איז דער „פּייניעל.“ ין די אוראַלטע צייטען האָט מען גערענקט, אַז אין דעם דאַ־ יגען גלענד געפינט זיך די נשמה. דער באַריהמטער מאַטע־ אַטיקער און פילאָזאָף דעסקאַרט האָט אויך אַזוי גערענקט. י נעלעהרטע פון דעם לעצטען יאָהרהונדערט האָבען, פאַרשטעהט יך, זיך אויסגעלאַכט פון אַזאַ „קינדערשען“ געדאַנק. זיי האָבען עם „פּייניעל גלענד“ באַטראַכט אַלס איינעם פון די אברים, וועלכע האָבען זיך ניט אַנטוויקעלט גענוג, ניט דערוואַקסען, אין אונזער קערפּער און דער געלעהרטער גאַסקעל האָט אַפילו גע־ ענקט, אַז דער „פּייניעל“ איז דאָס איבערבלייבעכץ פון דעם ריטען אויג, וואָס די נעלעהרטע דענקען אונזער מין האָט אַמאָל עהאַט. ביסלאַכווייז אָבער זיינען די געלעהרטע נאָך פיעלע קספּערימענטען אויף חיות געקומען צום שלוס, אַז דער דאָ־ יגער גלענד האָט זעהר וויכטיגע ארבייט צו טאָן אין דעם עבעדיגען אָרגאַניזם. עס איז באַוויזען געוואָרען, אַז ער איז ים קיין ניט־דערוואַקסענער אבר, וועלכער איז נור געבליבען לס אַן איבעריגע משא אין קערפּער, נאָר אַז ער האָט די וויכ־ יגע אויפגאַבע צו קאָנטראָלירען דעם וואוקס פון די געשלעכט־ ליעדער אין די גאָר יונגע יאָהרען און אַז ער האָט זעהר אַ ריסען איינפלוס אויף די גייסטיגע כחות פון קינדער. מען ען ניט לייקענען, אַז דאָס האָט פיעל צו טאָן מיט דער נשמה.

אַ דריטער וויכטיגער גלענד איז דער, וואָס הייסט, צוליעב יין פאָרמע וואָס איז עהנליך צו אַ שליד, דער „טהייראָיד לענד“. ער געפינט זיך לעבען דעם נאַקען און מען קען צו יהם לייכט צוקומען, דערפאַר זיינען מיר בעסער באַקאַנט מיט יין ווירקונג אויף דעם קערפּער, ווען דער מענש, אָדער אַנאַנדער עבעדיגע באַשעפעניש, איז געזונד אָדער קראַנק. דר. קאָכער, ון בערן, אין דער שווייץ, האָט באַריכטעט ביים צוזאַמענפאָהר ון כירורגען אין בערלין, אין דעם יאָהר 1883, אַז ער האָט באַ־ ערקט, אַז ביי די חולאים, וועלכע ער האָט אָפּערירט אויף אַ ימער (אַ געשוואָלענע האַלז). די קראַנקהייט קומט פון דעם היירויד גלענד) אַנטוויקלען זיך משונה'דיגע סימפּטאָמען און ער שטאַרקסטער פון די דאָזיגע סימפּטאָמען איז תמ'עוואַטע־ יים. דר. קאָכער האָט דערביי דערצעהלט, אַז ער האָט געפּרופט יילען די דאָזיגע סימפּטאָמען דורך האָדעווען די חולאים מיט הייראָאיד גלענדס, וואָס ער פלעגט אַרויסנעמען פון חיות, ן דאָס פלעגט פיעל העלפען און אַפילו די תמ'עוואַטעקייט לעגט כמעט אַריבער. פון דאַמאָלס אָן האָבען געלעהרטע דאָק־ וירים זיך פיעל אָפּגעגעבען מיט שטודירען דעם דאָזיגען גלענד. ען האָט שוין פיעלע ביכער וועגען איהם געשריבען. יעצט איז וין זיכער פעסטגעשטעלט, אַז דער טהייראָיד גלענד רעגולירט י שנעלקייט פון דעם קלאַפּען פון האַרץ, ער האָט אַ געוואַלדיגען יינפלוס אויף די גייסטיגע כחות און אויף דעם טעמפּעראַמענט ון דער פּערזאָן, ער רעגולירט די וואָג פון דעם קערפּער, ער האָט געוויסע ווירקונג אויף דעם געשלעכטליכען לעבען פון דעם ענשען און פיעלע געלעהרטע דענקען, אַז ער באַשיצט אויך עם קערפּער געגען פיעל אַנשטעקענדע קראַנקהייטען. דאָס קען ען לייכט באַמערקען ווען דער גלענד איז קראַנק. די הויפּטזעכ־ יך באַשטעהט זיין קראַנקהייט אין דעם, וואָס אָדער ער גיט ון זיך אַרוים צופיעל פייכטקייט, אָדער צו ווענינ. ווען צו־ יעל, ווערט דער מענש מאָגער און אָפּגעצויגען, דער פולס פאַנגט ן צו קלאַפּען שנעל, די אויגען זיינען אויסערגעוועהנליך לע־ עריג, שטעקען אַרוים פון די לעבער און זיינען גלאַנציג; די נדאַנקען לויפען שנעל און דער טעמפּעראַמענט ווערט שטאַרק נגעצויגען. פּערזאָנען, וועלכע ליידען פון אַזאַ קראַנקען טהיי־ אָיד גלענד קענען ניט זיצען לאַנג אויף איין אָרט, זיי זיינען מרוהיג, זיי ליידען פון אַ צו לעבעדיגער פאַנטאַזיע, שלאָפען שלעכט און פאַר זיי איז שווער זיך צוזאַמענצולעבען מיט מענשען. פאַרקעהרט, ווען דער טהייראָיד גלענד גיט אַרוים צו וועניג פייכטקייט, זיינען די מענשען פעט און גראָב, זיי האַלטען זיך רוהיג און שטיל און זיינען גוטמוטיג. אַזעלכע מענשען נעמען זיך קיינמאָל גאָר ניט צופיעל צום האַרצען, זיי ווילען זיך ניט קיינמאָל און שלאָפען בכלל גאַנץ גוט און זיינען גלייכגילטיג צו געשעהענישען פון דעם לעבען. די עקסטראַקטען פון דעם דאָזיגען גלענד זיינען מיט ערפאָלג געברויכט געוואָרען פון פיעלע דאָקטוירים געגען אַ סך קראַנקהייטען.

אַקוראַט פון אויבען אויף יעדען פון די ניערען („אַדרענאַלען“) געפינט זיך אַ דרייעקענדיגער קערפּער, וואָס איז באַוואוסט אַלס דער „סופּראַרענאַל גלענד“. מעדיקער זיינען שוין פיעלע יאָהרען געווען פאַראינטערעסירט צו וויסען די טבע פון די סופּראַרענאַל גלענדס. דער ערשטער באַריכט וועגען די דאָזיגע וויכטיגע גלענדס איז געמאַכט געוואָרען פון דעם באַריהמטען אַנאַטאָמיקער ווייסטמאַכיוס, אין דעם יאָהר 1563. די שפּעטערדיגע אַנאַטאָמיקער האָבען זיך כמעט ניט אַרומגעקוקט אויף די דאָזיגע גלענדס. אין דעם יאָהר 1716 האָט די וויסענשאַפטליכע אַקאַדעמיע פון באָרדאָ, פראַנקרייך, פאָרגעשלאָגען אַ באַלוינונג פאַר אַן אַרטיקעל איבער דער טעמע „וועלכע נוצען ברענגען די סופּראַרענאַל גלענדס“. אין דעם יאָהר 1849 האָט אַן ענגלישער דאָקטאָר, אַדדיסאָן, באַוויזען, אַז אַ געוויסע קראַנקהייט, וועלכע איז יעצט באַוואוסט אַלס אַדדיסאָנ'ס קראַנקהייט“, קומט פון דעם. וואָס עס פאַנגט זיך אָן אַנטוויקלען טובערקולאָזים (שווינדזוכט) אין די ניערען גלענדס. די הויפּט סימפּטאָמען פון אַדדיסאָנ'ס קראַנקהייט באַשטעהט אין דעם, וואָס די הויט און די פליאַגמע־טיילען פון דעם קערפּער (ווי למשל די לעפּעלע פון דעם אויער) באַקומען אַ משונה'דיגע פאַרב. דער מענש פיהלט זעהר שטאַרק אויסגעמאַטערט און ליידט שטאַרק פון מעטאַבאָליזם (צושטערונג פון דער ערנעהרונגס־פונקציע). דער צווייטער וויכטיגער שריט איז געמאַכט געוואָרען אין דעם יאָהר 1894, ווען די דאָקטוירים אָליווער און שאַפער האָבען אַנטדעקט, אַז עקסטראַקטען פון די ניערען איינגעשפּריצט אין קערפּער מאַכ׳ן שטאַרקער דעם דרוק פון די בלוטען („בלאָד פּרעשור“). שפּעטער האָט די וויסענשאַפט געפונען אַ וועג ווי צו איזאָלירען (אַרויסצונעמען באַזונדער) אַ געוויסען כעמישען מאַטעריאַל פון אַ טייל פון די אַדרענאַלען, וועלכען מען האָט אַ נאָמען געגעבען אַדרענאַלין, די דאָזיגע ענטדעקונג איז געמאַכט געוואָרען אין דער זעלבער צייט פון צוויי געלעהרטע, פון אַ יאַפּאַנעזער דאָקטאָר, טאַקאַמינע, און פון דר. אַלדריטש.

פון דעם קורצען היסטאָרישען איבערבליק קען מען לייכט זעהן ווי וויכטיג די גלענדס זיינען אין דעם לעבעדיגען אָרגאַניזם. יעצט ווייס מען זיכער, אַז די אַדרענאַלען רעגולירען דעם דרוק פון די בלוטען (די שטאַרקייט, מיט וועלכער די בלוט צירקולירט אין די אָדערען), זיי קאָנטראָלירען געוויסע פאַרדייהונגס־אָרגאַנען; זיי העלפען זעהר שטאַרק דעם קערפּער איבערצואַרבייטען אין זיך דעם נויטיגען צוקער; זיי האָבען אַ שטאַרקייט איינפלוס אויף דער אַנטוויקלונג פון „דיאַביטיס“ (צוקער־קראַנקהייט) און ווירקען אינדירעקט אויף די געשלעכטס־אָרגאַנען און אויף דער ענערגיע פון דעם מענשען.

עטליכע יאָהר צוריק האָט אַן אַמעריקאַנער פיזיאָלאָג, קעננאָן, געמאַכט עקספּערימענטען אויף הינט און האָט באַוויזען, אַז ווען די דאָזיגע חיות זיינען אויפגערייצט באַמערקט זיך אין זייער בלוט אַדרענאַלין אין אַ גרעסערער מאָס ווי געוועהנליך. די אַנטדעקונג מיינט, אַז ווען לעבעדיגע ברואים נויטיגען זיך אין מעהר ענערגיע מוזען זיי האָבען מעהר אַדרענאַלין

אין זייער סיסטעם. ווען מען האט אין זינען אז מוסקלען מוזען האבען אין זיך צוקער אום צו קענען ארבייטען, איז קלאר ווי וויכטיג עס איז פאר דעם קערפער צו זיין גוט באזארגט מיט אדרענאאלין, וועלכע רעגולירען די איבערארבייטונג פון צוקער אין דעם ארגאניזם. אויסער דעם זעהט מען פון דעם, אז לכל הפחות איינער פון אונזערע געפיהלען, דער כעס, ווערט דירעקט קאנטראלירט פון א באשטימטען כעמישען שטאף, וואס דער ארגאניזם שאפט אין זיך. דאס צייגט ווי ריכטיג עס איז דער מאטעריאליסטישער בליק אויף דער פסיכאלאגיע.

דא איז נימ דער פלאץ צו באהאנדלען די גלענדס פון די געשלעכטס-גליעדער. עס וועט זיין גענוג צו זאגען, אז אונטערזוכונגען, וואס זיינען געמאכט געווארען אויף סריסים (יעוור נוכען), צייגען, אז די דאזיגע גלענדס, אויסער זייער ווירקונג אויף דער שאפונג פון נייע דורות, פראדוצירען אין קערפער געוויסע פייכטקייטען, וועלכע ווירקען אויף די וועניגער וויכטיגע ערשיינונגען פון דעם געשלעכטס-לעבען.

די דאזיגע גלענדס ארבייטען ניט יעדער באזונדער און זעלבסטשטענדיג. נאר זיי האבען א שטארקע ווירקונג איינער אויף דעם אנדערען און ווען איין גלענד איז קראנק ווירקט עס אויף די איבריגע. עס איז באוויזען געווארען, אז געוויסע קראנקהייטען פון דעם פיטויאיטארי גלענד מאכען די פערזאן איינגאנצען אומפעהיג צום געשלעכטס-לעבען; עס איז אויך קלאר באוויזען געווארען, אז אנגעשטרענגטע געפיהלען אדער אפילו א שטארקער קלאפ אויף דעם קערפער האבען זעהר א גרויסע ווירקונג אויף די גלענדס, ספעציעל אויף דעם טהיראיד און אויף די ארדענאלע גלענדס.

מען קען זיך פון דעם אלעם לייכט פארשטעלען וואס פאר א ווירקונג די גלענדס האבען אויף די זאגענאנטע נערווען-קראנקהייטען. די ווירקונג קומט פאר אהן א באמערקזאמע ענדערונג אין דער נערווען-סיסטעם בכלל. אזוינע קראנקהייטען רופט מען געוועהנליך „ניוראסטעניא", וואס מיינט פשוט נערוועזע אויסגעמאטערטקייט. פיעלע אזעלכע קראנקהייטען ווערען יעצט אויסגעהיילט מיט דער הילף פון עקסטראקטען, וואס מען מאכט פון די דאזיגע גלענדס. דאס איז נאך לעת-עתה א גאנץ נייער מעדיצינישער מיטעל, וועלכער האט זיך נאך וועניג אנטוויקעלט, כאטש מען ווייס שוין די ווירקונג פון די גלענדס, איז נאך אבער דער שטאף, דורך וועלכען די ווירקונג קומט פאר, ניט באקאנט. די גלענדס זיינען אזוי פארבונדען צווישען זיך אין זייער ארבייט, אז עס איז אפט שווער צו באשטימען, וועלכער באזונדער גלענד האט געשאפען א געוויסען קרענקליכען צו שטאנד אין קערפער. דאך געפינט די וויסענשאפט אלע טאג אויס נייע פאקטען אין דעם פרט און עס איז צו האפען, אז מיט דער צייט וועט מען דורך דעם שטודיום פון די גלענדס לייזען די פראגע וועגען די זאגענאנטע „פונקציאנעלע נערווען קראנקהייטען, ווי פון פיעלע אנדערע פאטאלאגישע פראצעסע (אנטוויקלונגען פון קראנקהייטען).

---

די גרעניצען פון דעמאקראטיע און דעמאגאגיע קומען זיך אפט מאל אזוי ענג צוזאמען, אז עס איז זיי שווער פארנאנדערצוטיילען...

* * *

עס טרעפט אמאל איינער גיט אייך א צאהן-שטעכער און ער ערווארט פון אייך דערפאר א גאנצען קלאפטער תאלץ...

* * *

פאר ענטזאגען זיך אנצוטאן א פארבלוטיגטע פאר הויזען האט מען אין פ ר א נ ק ר י י ך פאר'משפט א סאלדאט צום טוידט. נישט אומזיסט האט דייטשלאנד דעם קריעג און דעם מיליטאריזם פארלארען. אנדערע האבען זיי ביידע געוואונען.

* * *

עס איז שוין קיהלער און איהר מעגט שוין נעמען באזובען אייער ברענטש מיטינג. וויכטיגע פראגען שטעהען דארט אויפ'ן טאגעס-ארדנונג.

* * *

פון 231,081 שול-קינדער אין ניו-יארק, וועמענס ציינער עס זיינען אונטערזוכט געווארען דורך דעם העלטה-דעפארטמענט, האבען נאר ארום הונדערט טויזענד געהאט געזונטע ציינער. מעהר ווי א העלפט קינדער פון דער גרעסטער און רייכסטער שטאדט אין דער וועלט הייבען שוין אן זייער לעבען קראנקערהייט. וואס פאר א געבענשטע ציוויליזאציע!

* * *

לשנה הבאה בנוארק, על כל פנים במאה אלפים!
א העברעאישע ברכה, וואס יעדער א. ר. מעמבער וועט פארשטעהן.

אין אמעריקא שטארבען יעהרליך ארום א האלבען מיליאן קינדער ביז 10 יאהר אלט. א מיליאן אויגען פון אומגליקליכע מאמע ווערען געשוואלען פון טרעהרען. און דאס איז דאך שוין די גליקליכסטע מדינה אויפ'ן ערדקוגעל!...

* * *

וואונדערט זיך ניט ווי א פארמער. פרובט בעסער צו פאר שטעהן ווי א פילאזאף.

* * *

אויב האוקער איז ניט אריבערגעפלויגען דעם גאנצען ים, איז ער אבער אריבערגעפלויגען די העכסטע ליניע פון מענשליכער דרייסטקייט און העלדישקייט.

* * *

דער ארב. רינג האט שוין איבער 102 פראצענט וואליואיישאן אין פארמעגען. ער האט אויך אזוי פיעל וואליואיישאן אין פראלעטארישען גייסט.

* * *

האט זיך אייך פיליכט גע'חלומ'ט, אז דער ארבייטער-רינג וועט קומען צו זיין צוואנציגסטער קאנווענשאן מיט 100 טויזענד שטארק אז איהר ווילט וועט עס ניט זיין קיין חלום...

* * *

די אידען זיינען אמאל א ר י ב ע ר ג ע ג א נ ג ע ן דעם קליינעם ים-סוף. רעאד און סקאט זיינען א ר י ב ע ר ג ע פ ל ו י ג ע ן דעם אטלאנטיק. זאגט, וועלכער מופת איז גרעסער?

---

מ. לוניאנסקי:

## דער שווינדזיכטיגער.

(פראגמענט)

...ער ליגט אין בעט, ער שפייט און הוסט,
און לויט דער צייט זיך בילדער מאלט:
איז זון-שיין דא — איז פול זיין ברוסט
מיט גלויבען און מיט האפנונגס-גאלד.
איז דרויסען גראה — א ווינט פון נארד —
א ביטער קלאג דער הימעל קלאגט:
שפיעלט צו זיין ברוסט איהם אין אקארד
א ליעד, א שווינדזוכט-ליעד פארצאגט...

---

פאליטישע דעמאקראטיע איז אן אילוזיע, סיידען זי איז געבויט אויף, און גאראנטירט דורך, א פרייער און געזונטער א י נ ד ו ס ט ר י ע ל ע ר דעמאקראטיע. — פראנק פ. וואלש.

יצחק ראנטש.

## וואונדען.

פארוואונדעט איז מיין הארץ.
דאס בלוט וועט לאנג נאך פליסען —
ווער ס'האט די וואונד געמאכט
וועט קיינער, קיינער וויסען.

פארוואונדעט איז מיין הארץ.
די וואונד וועט קיינער זעהען —
איך טראג א פריידען מאסק
און וועל זיך פרעהען, פרעהען.

פארוואונדעט איז מיין הארץ,
די וואונד ווערט ניט פארשוואונדען —
איך וואלט געקושט די האנד,
וואס האט געמאכט די וואונדען...

# דער נייער בענעפיט

פון ס. וואלאס.

דער געדאנק אז די ברענטשעס פון א. ר. זאלען געמיינשאפטליך אנשטעלען דאקטוירים פאר זיך מיט זייערע פאמיליען איז ניט נאר קיין נייער אין א. ר., אבער אלע מאל, ווען מען האט עס נאר געוואלט דורכפיהרען אין לעבען האבען זיך געמאכט שטערונגען און די ארבייט איז געבליבען הענגען אין דער לופט. לעצטען יאהר, ווען די אינפלוענזיע האט געבושעוועט אהן רחמנות און מעדיצינישע הילף איז געווען אונמעגליך צו קריגען אין צייט, ערשט דעמאלט האבען זאגאר די געגנער פון דער דיסטריקט דאקטוירים איינפיהרונג צוגעגעבען, אז עטוואס מוז געטאן ווערען אויסצובעסערען די סיסטעם ווי אזוי אונזערע מיטגליעדער זאלען קריגען מעדיצינישע באהאנדלונגען. עטליכע ברענטשעס האבען זיך גענומען צו דער ארבייט און זיי איז געלונגען צו פאראינטערעסירען פיעלע אנדערע ברענטשעס אין א קאנפערענץ וועגען דער פראגע. די קאנפערענץ האט ערפילט איהר אויפגאבע אין טאן די פארבערייטונגס ארבייט, אבער די קאנפערענץ אין מאנאט יוני האט זיך שוין קאנסטיטואירט אלס א שטענדיגע קערפערשאפט און א 9־ער עקזעקוטיוו קאמיטע איז ערוועהלט געווארען פאר'ן קומענדען יאהר.

דער „דיסטריקט מעדיקאל דעפארטמענט", ווי ער רופט זיך יעצט, ווערט אוועקגעשטעלט אין א פולער ארדנונג און זוכט אויסצומיידען די אלע פעהלערן, וועלכע זיינען ביז יעצט געמאכט געווארען, אדער פארזעהן געווארען פון די, וועלכע האבען מיט יאהרען צוריק אנגעפאנגען בויען דעם א. ר. דער אפיס סיסטעם ווערט איינגעפיהרט מיט דער באראטונג פון גענ. סעק. ר. באסקין, צוזאמען מיט'ן בוק־קיפינג דעפארטמענט, וואס גיט האפנונג, אז די סיסטעם וועט זיין א פינקטליכע.

נאר איידער מיר וועלען זעהן ווי אזוי דער דעפארטמענט וועט ארבייטען, ווילט זיך פריהער באזייטיגען די פראגען־שטעלער ווי אזוי מען וועט ערוועהלען די דיסטריקט דאקטוירים.

גאנץ איינפאך! די קאמיטע האט ארויסגעשיקט נאמינייש[א]ן בלענקס צו אלע ברענטשעס, וועלכע זיינען אנגעשלאסען צום דעפארטמענט, צו נאמענירען דאקטוירים וועלכע זיי קאנען, און וויפיעל זיי ווילען, קיין אונטערשיעד וואו דעם דאקטאר'ס וואהנונג געפינט זיך. עס איז כדאי צו באמערקען, אז די קאמיטע האט זיך אויסגעשלאסען פון דאס רעכט אליין צו מאכען נאמינייש[א]נס כדי צו פארמיידען ריידערייען אין די ברענטשעס.

נאכדעם ווי די נאמינייש[א]ן בלענקס וועלען זיין אין אפיס, וועט געשיקט ווערען צו די דאקטוירים א צעטעל מיט פערשיעדענע פראגען, ווי לאנג זיי פראקטיצירען, א. ז. וו., און זייערע קאנדיציאנען פאר דער שטעלע. די קאמיטע, צוזאמען מיט דער עקזיסטירענדער מעדיקאל באארד אין א. ר., וועט נאך די ענטפערס אויסארבייטען א צעטעל פון וועלכע די קאמיטע וועט אויסקלייבען א דאקטאר פאר יעדען דיסטריקט. עס קאן אויסזעהן אביסעל שווערליך פון אנפאנג, אבער מיט דער צייט וועט עס זיך איינשטעלען און די וואהלען וועלען צוגעהן ווייניגער קאמפליצירט.

מיט דער ערלויבנים פון דער דזשענעראל עקזעקוטיווע, וועט זיך דער דעפארטמענט דערוויילע פיהרען אין א־זייטיגן רום אין דזשענעראל אפיס, וואו א שטענדיגער אנגעשטעלטער ארבייט שוין און פאנגט שוין אן איינצופיהרען א קארד סיסטעם פון אלע מעמבערס, וועלכע באלאנגען צו דיזען דעפארטמענט. די קאמיטע האט געפונען פאר נויטיג גלייך פון אנפאנג אן איינצופיהרען א קארד סיסטעם לויט דעם אלף בית, אפגעזעהן דערפון, וואס די קארדס וועלען זיין צוטיילט לויט די ברענטשעס און לויט דיסטריקטען. דיזע איי בי סי סיסטעם וועט זיין א נייעס אין א. ר. עס מאכט פיעל לייכטער אויסצוגעפינען א מעמבער, ווען מען ווייסט ניט צו וועלכען ברענטש ער געהערט און וועט פיליכט טיילווייז קאנען דינען דעם גענ. אפיס פאר געוויסע אויסקינפטע. יעדער דיסטריקט דאקטאר וועט קריגען א סעט קארדס מיט די מעמבערס פון זיין דיסטריקט, וועלכער וועט שטענדיג מוזען קארעספאנדירען מיט'ן דעפארטמענט און דאס וועט געבען די מעגליכקייט צו קאנטראלירען די בילס, וועלכע דער דעפארטמענט וועט דארפען צאהלען צו די דיסטריקט דאקטוירים.

יעדער אנגעשלאסענער ברענטש האט שוין ערהאלטען די פארשיעדענע שרייב־פארמען, מעמבער ליסטען, טרענספער קארדס א. ז. וו., וואו זיי דארפען שטענדיג זיין אין פארבינדונג מיט'ן מעדיקאל דעפארטמענט און מיטהעלפען, אז די ארבייט פון איינארדנען די דיסטריקטען זאל קאנען געטאן ווערען אם שנעלסטען. די קאמיטע האפט, אז פון דעם 1טען אקטאבער 1919, וועט שוין דער דעפארטמענט קאנען דינען די מעמבערס מיט זייערע פאמיליען אין צייט פון קראנקהייט, ווען די סעקרעטערע פון די ברענטשעס וועלען נאר מיטהעלפען.

די צאהלונגען פאר דאקטוירים האט די קאמיטע באשלאסען זאלען זיין ווי זיי זיינען יעצט אין די ברענטשעס, 50 סענט סינגעל, און א דאלאר מיט דער פאמיליע. קיינע עקסטרא קאסטען פאר'ן מעמבער אויפצוהאלטען דעם דעפארטמענט, וועלכער דארף קאסטען ארום 3 טויזענד דאלאר א יאהר. דיזע סומע דענקט די קאמיטע צו באקומען פון אנדערע קוועלען אהנע צו באלעסטיגען די מעמבערס. די קאמיטע, באגייסטערט מיט דער ארבייט, ווינשט צו איבערצייגען די געגנער פון דיזען פלאן, אז די ברענטשעס וועלען בענעפיטירען פון דער בעסערער באהאנדלונג אין צייט פון קראנקהייט און זייערע צאהלונגען וועלען ניט פארגרעסערט ווערען. און ווען דער פלאן וועט זיין א געלונגענער, קאן מען מיט זיכערהייט ערווארטען צו זעהן די גאנצע מעמבערשיפ פון גרייטער ניו יארקער ברענטשעס זאלען קומענדען יאהר זיך אנשליסען אן דעם דעפארטמענט. אהן צוואנג און אהן רעפערענדומס, פ ר י י וו י ל י ג דארף זיך דיזער דעפארטמענט ענטוויקלען. די קאמיטע איז פארטיג צו דינען די ברענטשעס מיט אלע איהרע קרעפטען, כאטש די ארבייט פון אנפאנג איז ניט קיין גרינגע און פאדערט פיעל צייט און ענערגיע.

בלויז איין זאך פארלאנגט די קאמיטע פון א ברענטש ווען ער שליסט זיך אן, אז ער קען ניט האבען קיין אייגענעם דאקטאר פאר איין טייל מעמבערס, און מיט א צווייטען טייל באלאנגען צו דעם דעפארטמענט. די אורזאכע פאר דיזען פארלאנג איז ביי פיעלע מיטינגען פון דער קאמיטע דיסקוטירט געווארען. אלע ארגומענטען איז שווער דא איבערצוגעבען. עס איז פון דער קאמיטע פעסטגעשטעלט געווארען דער געדאנק, אז דאס קאן ניט ארבייטען. עס קאן בלויז שטערען די ארבייט פון דעם „דיסטריקט מעדיקאל דעפארטמענט" און פאראורזאכען פיעלע רייבונגען צווישען דעם דעפארטמענט און ברענטש. עס בלייבט אבער דאס אויסשליסליכע רעכט פון יעדען ברענטש, צו באשטימען מיט וויפיעל מעמבערס צו באלאנגען צום דעפארטמענט יעדער קווארטאל באזונדער, און דער ברענטש וועט דארפען צאהלען בלויז פאר די מעמבערס וואס ער שיקט אריין. עס ווערט פון דער קאמיטע אויסגעארבייט דער אפמאך מיט די דאקטוירים, און די צייט וויפיעל דער דאקטאר זאל האבען צו וויזיטען א קראנקען (פון דער צייט ווען מען רופט איהם ביז זיין וויזיט אין הויז), וועט באשטימט זיין א צופרידענשטעלענדע. עס ווערט געזארגט פון דער קאמיטע אז קלאגען פאר ניט אטענדען אין צייט זאלען גלייך געמאכט ווערען אין אפיס, וואו דער אנגעשטעלטער מענעדזשער

# אויף אן אמעריקאנער

י. ב. ביילין.

דערצעהלונג.

.1

מיט פיעל זאכען איז מאקס געווען אונצופרידען ווען ער איז צוריקגעקומען קיין ווארשא, נאך דעם ווי ער איז אפגעוועזען אין אמעריקא ארום צוועלף יאהר. און ער האט טאקע געהאט גענוג אורזאכען צו זיין אונצופרידען: ער איז נאר געקומען צופאהרען אויף עטליכע מאנאטען צו זעהן זיך מיט זיינע עלטערען און פריינד און געפלאנעוועט גלייך נאך די יום טובים צו לאזען זיך צוריק אין וועג אריין און מיטנעמען מיט זיך זיין איינגערע שוועסטער. אבער דא האט זיך פון ערגעץ אנגערוקט די מלחמה, די גרעניצען זיינען אפגעשלאסען געווארען, און מאקס איז געבליבען א ווארשעווער.

עס איז איהם געווען אין אנהייב זעהר שווער צו געוואוינען זיך צום געדאנק, אז ער וועט שוין דא מוזען בלייבען איבער'ן ווינטער און אפשר גאר אויך נאך איבער'ן צווייטען זומער. און ציימונגען אהן הארץ און אהן געוויסען האבען גאר פאראויסגעזאגט די מלחמה אויף דריי יאהר. מאקס איז געווען זיכער, אז אין די אמעריקאנער צייטונגען, כאטש פיעל פון זיי זיינען געל און סענזאציאנעל, וואלט מען אזעלכעס ניט געשריבען. דריי יאהר מלחמה מיינט פאר איהם ד ר י י י א ה ר צו מוטשען זיך און לעבען אין באדינגונגען פון וועלכע ער האט זיך שוין לאנג, לאנג אפגעוואוינט.

אין ניו יארק האט מאקס געוואוינט אין א שעהנע רום אי
די בראנקס, מיט עלעקטרישע באלייכטונג, טעלעפאן און פאר
שידענע איינריכטונגען. ער האט אויף זיין שטעלע אלס „פלא
וואקער" אין א גרויסען דעפארטמענט סטאר נישט שלעכט פאר
דיענט און זיך געקענט פארגינען צו נעמען א רום אין א שעהנע
אפארטמענט הויז. און דא אין ווארשא מוז ער וואוינען צוזא
מען מיט זיינע עלטערען, אויפגעשטיקט אין עטליכע צימערן
מיט זעהר ווייניג באקוועמליכקייטען און ווער ווייסט ווי לאנ
ער וועט זיך עס אזוי דארפען אפמוטשען.

מאקס'ן איז שוין פארגעקומען פרעמד דער גאנצער אר
לעבען אין ווארשא; די זיטען און קליידונג, דאס עסען און ד
פארוויילונגען, די מיטינגען און הויפטזעכליך די שפראך אי
איהם פארגעקומען, ווי פון זיין עלטער־זיידענס צייטען. א
ווייניגסטענס האט אבער מאקס געקענט שלום מאכען מיט ד
געדאנק צו פארלאזען זיך א בארד מיט וואנצען, פאר דער ציי
וואס ער וועט זיך נאך פלאגען אין ווארשא. אין אנהוי
איז איהם געווען אונפארשטענדליך, וואס אלע יונגע לייט, כאט
אין אלגעמיין נעט און שעהן געקליידעט, האדעווען דיק
ארויפגעשפיצטע וואנצען און אנדערע פון זיי זאגאר מיט שפ
ציגע, צוגעשוירענע בערדלאך. ער האט זיך זארגפעלטיג א
טאג גערואזירט און איבערהויפט געזארגט, אז ער זאל אויסזע
ווי אן אמעריקאנער. ער האט געדארפט פון צייט צו צייט וו
זירען זיין אמעריקאנעם פאספארט ביי דעם אמעריקאניש
קאנסול און עס איז איהם עפעס אויסגעקומען, אז ער מוז ב
זיך אראפנעמען יעדען פארדאכט, אז דאס באנוצט ער זיך מי
א פרעמדענס א פאספארט. מאקס האט שטענדיג געזעהן,
ער זאל האבען עפעס אין מויל, ווען ער קומט אריין אין ד
קאנסולאט, און קייען עס, אזוי ווי עס וואלט געווען „טשואי
גאם".

דאס טעגליכע ראזירען זיך איז אבער שוין געווען מעו
צוליעב ריינעם געשמאק, איידער צוליעב זיין אנשטרענגען ז
אויסצוזעהן ווי אן עכטער אמעריקאנער. מאקס האט איינפ
געפיהלט אן עקעל צו די וואס זעהען אויס באוואקסען ווי
„מאלפעס" און ער האט זיך די ערשטע צייט כסדר געהאלט
אין איין באקלאגען זיך אויף דעם נידעריגען אייראפעאישען ג
שמאק אין מענשליכע געזיכטער און שעהנהייטס־באגריפען.

עס פלעגט איהם אויסקומען גאנץ אפט צו זיין דער צי
פון נייגעריגע בליקען, מעהרסטענטיילס פון מיידלאך. ניש
איינמאל האט ער געהערט דאס שושקען זיך וועגען איהם,
ער מוז זיין אן אקטיאר, וואס ער געהט מיט ראזירטע וואנצע
אפטמאל פלעגט טרעפען: אז יונגע מיידלאך, נאך דעם אויסט
שען זיך מיט שטיפערישע בליקען וועגען זיין אויסזעהן האב
ארויסגעפלאצט אין א געלעכטער. ער וואלט אין יענעם מ
מענט געגעבען אלץ וואס ער האט, אבי ער זאל זיין צוריק א
אמעריקא, אויפ'ן „ריכטיגען פלאץ", ווי ער אליין פלעגט ז
אפטמאל אויסדריקען.

אבער אנשטאט דעם, אז די מלחמה זאל זיך דערנעהנטע
צו איהר סוף, האט זי זיך אלץ מעהר פאנאנדערגעפלאקערט,
וואס אמאל אלץ נעהנטער צוגערוקט זיך צו די טויערען
ווארשא. מאקס איז געווארען פארצווייפעלט. דאס געלט ה
איהם אנגעהויבען אויסצורינען, כאטש ער האט מיט זיך
בראכט א היבשע עטליכע הונדערט דאלער, וואס עס האט
מיינט, צו יענער צייט, אין רוסיש־פוילען א גאנצער פארמעג
ער האט פאר די לעצטע זעקס יאהר רעגעלמעסיג געשטיצט
נע עלטערען, צושיקענדיג זיי יעדען מאנאט פינף און צוואנ
דאלער. זינט דער עקאנאמישער באיקאט האט זיך אנגעהויב
אין פוילען, איז זיין פאטער רואינירט געווארען. געצוואונ

---

וועט גלייך קענען אויסגעפינען די אורזאכע ווארום דער דאקטאר איז ניט געווען אין צייט, און דער מעמבער זאל ניט דארפען ווארטען מיט זיין קלאגע ביז א ברענטש מיטינג. ווי עס האט זיך געפיהרט ביז יעצט איז אונמעגליך געווען אויף די מיטינגען פון ברענטשעס וואס זיינען צייטענוויז געווען פארנומען מיט א דאקטאר פראגע צו פארהאנדלען אנדערע געשעפטען. די מאטא פון דער קאמיטע איז, ו ו א ס ו ו י י נ י ג ע ר ד א ק ט א ר ב י ז נ ע ס א י ן ב ר ע נ ט ש, סיידען פאסירונגען פון א אויסערגעווהנליכען כאראקטער.

די דאקטוירים וועלען אויך ווייניגער באדערען די ברענטשעס, ווייל זייערע קריוודעס וועט איבערנעמען די קאמיטע און וועט זיי זעהן אויסצוגלייכען אין צייט.

עס איז שווער איבערצוגעבען אלע איינצעלהייטען פון דעם גאנג ווי די קאמיטע שטעלט זיך פאר צו פיהרען דיזען יאהר דעם דעפארטמענט. איין זאך איז זיכער, אז אלע ווי איינער זיינען איבערגעבען צו דער ארבייט. יעדער פון דער קאמיטע איז וויליג ברייטער צו ערקלערען די פלענער, ווען א ברענטש וועט עס נאר פארלאנגען.

אלע נייעסען אין א. ר. האט געדויערט א לענגערע צייט דורכצופיהרען. דאס באווייזט דעם געזונטען צושטאנד פון אן ארגאניזאציאן. איבערלייגונג און נאכפארשען, איידער מען טוט עפעס א נייע זאך, איז א געזונטע פאליסי. דערפאר דארפען די יעניגע וועלכע ווילען זעהן דיסטריקט דאקטוירים אין א. ר. ניט זיין איבעראיילט נאר מיט געדולד מיטהעלפען אין דיזער ארבייט און אויפקלעהרען די מעמבערס, סיי איינצעלנע און סיי ביי ברענטש מיטינגען. די געגנערס וועלען געוויס געבען א געלעגענהייט דעם דעפארטמענט אם ווייניגסטענס 4 קווארטאלען אלס פראבע, צו זעהן ווי ער ארבייט. נאך אלעמען זיינען דאך אונזערע מעמבערס פון א. ר. ניט קיין נזלנים.

לאמיר האפען אז די ארבייט פאר „דיסטריקט מעדיקאל דאקטוירים" וועט געקרוינט ווערען מיט ערפאלג. און אז נאך א שעהנער קאפיטעל געשיכטע ווערט צוגעשריבען צו די אויפטואונגען פון א. ר.

געוועזן צו באנקראָטירען און פארלאָרען, צוליעב געוויסע אומ־ ניגסטיגע אומשטענדען, אפילו די מעגליכקייט צו רעאביליטירען זיך און צוריק צו ווערען א באלעבאָס. נאַטירליך האָט מאַקס פאר דער צייט, וואָס ער איז געוועזן אין ווארשא אויסגעהאלטען דאָס גאנצע הויז און עס האָט איהם פיעל מעהר געקאָסט ווי די פריהעריגע פינף און צוואנציג דאָלער א מאָנאט. דערצו האָט זיך דער יקרות פון טאָג צו טאָג געשטארקט און מאקס האָט איינגעזעהן דערפיהלט, אז ער מוז זיך דערוויל דאָ באַזעצען און קריגען באשעפטיגונג. דאָס איז גראָד נישט געוועזן אזא לייכטע זאך צו קריגען. ער האָט אָפּגעשלאָגען די שוועלען פון פיעל געשעפטען און קאָנטראָקטען ביז עס איז איהם ענדליך געלונגען צו קריגען ביי אַן ענגלישער קאָווע־פירמא א שטעלע אלס ענגלי־ שער קאָרעספּאָנדענט.

דערוויל האָט די דייטשע ארמיי אדורכגעפיהרט איהר געוואלדיגע אָפּענסיווע אין פוילען און האָט די פאָר־פעסטונגען אין ארום ווארשא גענומען מיט א שטורעם. דאָס רוסישע חיל האָט גענומען אין איילעניש עוואקואירען ווארשא און מיט איהם צוזאמען האָבען זיך גענומען אָפּטראָגען די עטליכע בעלגישע און ענגלישע אימפּאָרט־הייזער, צווישען זיי אויך די ענגלישע קאָווע־פירמא ביי וועלכער מאַקס האָט שוין געארבייט צוויי מאָנאטען צייט. זיי האָבען איהם געוואָלט מיטנעמען מיט זיך קיין קיעוו, וואו זיי האָבען איבערגעטראָגען דאָס געשעפט, אבער מאַקס'ן איז עפּעס אויסגעקומען, אז מיט זיין אָפּפאָהרען קיין קיעוו דערווייטערט ער זיך נאָך ווייטער פון אמעריקא, און ער האָט באשלאָסען שוין צו בלייבען אין ווארשא און פּרובען זיך דערשלאָגען צו עפּעס אנדערש.

.2

אין'ן פיערטען יאָהר פון דער מלחמה, נאָכדעם ווי מאַקס מיט זיין פאמיליע האָבען שוין אריינגעכאפּט א היבש ביסעל נויט און פארזוכט שוין דעם טעם פון הונגער, רעקוויזיציעס, און אפילו געשלעפּט צו ווערען פון דייטשע סאָלדאטען אויף ארבייט, ביז וואנען עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרען, אז מאַקס איז אַן אמעריקאנער בירגער, האָט איינמאָל דער אלטער סעגאל, מאַקס'ס פאָטער, מיט איהם געהאט פאָלגענדען געשפּרעך:

— האָסט געהערט, מענדעל, שלום־ברוך'ס זוהן האָט דאָך געמאכטען תנאים געשריבען און קריגט פופצעהן טויזענד מארק!

— אקעגען וואָס דערצעהלסטו עס, טאַטע? — האָט מאַקס פארוואונדערטער געפרעגט.

— שוטה, וואָס מיינסטו, ביזט נישט אזא שיסער ווי דער שיסער טיפּש? איך וואָלט געשוואוירען, אז דו וועסט נאָך ... אפילו, אין מיטען דער נאכט, בעסער מעביר סדרה זיין ... ער...

— איך פארשטעה נאָך אלץ נים, טאַטע, וואָס דו ווילסט דאָ ... אויסברענגען, — האָט מאַקס איהם איבערגעריסען, כאָטש אין דער אמת'ן האָט ער שוין געכאפּט דעם פאָטער'ס בליק און האָט פארשטאנען צו וואָס דער פאָטער ציעלט.

— אז יענער פלאָקען־שיסער האָט געקראָגען פופצעהן טויזענד — ביזטו דאָך ווערט, על כל פנים, צוויי מאָל אזוי פיעל... ... דו ביזט געוועזן אין אמעריקא, זעהסטו, דאָס וועט אפשר ... זיין א מעלה... געזעהן א וועלט... פארשטעהט די וועלט... ... ציימען זיינען דאָך נישט פארצייטיגע!...

— דו ווילסט הייסט עס, איך זאָל חתונה האָבען און קריי־ ... נדן... אלריי — פאר וואָס פרעגסטו נישט, טאַטע, אפשר ... איך דאָרט געלאָזען א כלה... —

— מיינע שונאים!... האָסט דאָך קיינמאָל קיין וואָרט נישט ... רמאָנט! האָסט עס פון מיר באהאלטען?...

דער אלטער האָט גענומען נערוועז ארומצושפּרייזען איבער'ן ..., ווי איינער וואָס מ'האָט מיט איין קלאַפּ צושטערט א ... לעבענס־חלום. אין זיין שארפען קאָפּ האָבען אָנגעהויבען די געדאנקען צו בליצען און צו טונקלען...

— רעכענסטו נאָך אז א מיידעל וועט אויף דיר ווארטען א לאנגע צייט, נישט הערענדיג פון דיר פאר די לעצטע דריי ... יאָהר? — איז איהם מיט אמאָל איינגעפאלען א גוטער ארגו־ מענט — זי האָט דיר דאָך שוין מסתמא לאנג באוויינט אלס א גע'הרג'עטען!

אין דער אמת'ן האָט מאַקס קיין כלה אין אמעריקא נישט געלאָזען. ער האָט געהאט עטליכע מיידלאך אויף וועלכע ער האָט געהאט אַן אויג, אָבער ער האָט זיך קיינמאָל נישט געקענט באשליסען אויף וועלכע זיך אָפּצושטעלען. זיין פאטערס פּלאַן איז אפילו געוועזן זעהר א פראקטישער, אָבער געה האָב חתונה מיט עטליכע טויזענד מארק... מאַקס'ן, כאָטש נישט זייענדיג קיין מענש מיט אידעאליסטישע נייגונגען, האָט פונדעסטוועגען אָפּגעשטויסען אזא געדאנק. ער האָט זיך שוין אבער נישט געקענט אזוי גרינג ארויסדרעהען פון זיין פאטער'ס ארגומענט און האָט נאָך א קליינער אונטערברעכונג געפרעגט:

— ווער איז דאָס מיידעל, טאַטע, עפּעס רעכטס?

— א דאגה יעצט א מיידעל! — האָט שוין דער אלטער לעבעדיגער אָנגעפאנגען, זעהענדיג ווי זיין זוהן האָט זיך דאָך פאראינטערעסירט אין דעם פּלאַן. — קענסט קריגען פון די שענסטע און פון די בעסטע... פארגעס ניט, אז דו ביזט א באַ־ פרייטער, וואָס קיין מאָביליזאציע אין דער וועלט קען דיך נישט נעמען... וויפיעל מיינסטו זיינען דאָ אזעלכע ווי דו, ביי אונז אידען, אין ווארשא?...

— דאָך... מ'קען דאָך נישט גלאט רעדען אין דער וועלט אריין — האָט מאַקס איינגע'טענה'ט — ווען דו וואָלסט גע־ רעדט וועגען א ב א ש ט י מ ט ע ר מיידעל, וועל, ווייס איך, וואָלט איך געגעבען א קוק...

— פריהער פאר אלץ, אָבער, מיין זוהן, מוזטו זיך לאָזען וואקסען, אויב נישט קיין גרויסע באָרד, אם ווענינגסטען... וואָנ־ צעס מיט א בערדיל...

— וואָס! — איז מאַקס אויפגעשפּרונגען, ווי מ'וואָלט איהם עפּעס פארגעלעגט ער זאָל באגעהן א שרעקליכען פאר־ ברעכען. ער האָט א קלאַפּ געגעבען מיט דער טיר און געלאָזען דעם פאטער אין גרויס אויפרעגונג.

עטליכע טעג האָט דער פאטער מיט איהם מעהר נישט גערעדט וועגען דעם, אבער איינמאָל שבת, ווען דער פאטער איז צוריקגעקומען פון שול מיט גוטע נייעס וועגען דעם, אז עס האָלט שוין נאָהענט צו א שלום, האָט ער גאָך אמאָל גענומען מיט איהם איינ'טענה'ן:

— איז אָהן א באָרד! גענוג אידען, ברוך השם, זיינען היינטיגע צייטען אָהן בערד, אָבער די וואָנצעס... עס איז דאָך א חרפה אפילו ביי גוים...

— טאַטע, הייבסט שוין ווייטער אָן? — האָט זיך מאַקס אָנגעהויבען צו קאָכען.

— עס איז דאָך אזא שאָד אדורכצולאָזען עס, גאָט מייַ־ נער, שדכנים שלאָגען דאָך אָפּ די שוועלען, אידישע טעכטער ווערען פארזעסען, בכבוד'ע, פון זעהר שעהנע הייזער — — —

— אומזיסט, וואָס דו רעדסט, טאַטע, איך וועל זיך קיין פאָר וואָנצען נישט לאָזען וואקסען. איך וואָרט נאָר אויף דער מינוט ש ל ו ם זאָל ערקלערט ווערען און איך זאָל קענען צוריק פאָהרען נאָך אמעריקא. דאָרטען פעהלען אויך נישט קיין ב כ ב ו ד' י נ ע מיידלאך.

סוף כל סוף האָט דער פאטער איינגעזעהן, אז ער וועט מיט איהם גאָרנישט מאכען. ער האָט אָבער כסדר געפיהרט באהאל־ טענע אונטערהאנדלונגען מיט עטליכע באלעבאטישע שדכנים, אין דער האָפנונג, אז עס וועט זיך געפינען אַן אריסטאָקראטישע הויז, וועלכע איז באקאנט מיט אמעריקאנער זיטען און ביי זיי וועט נישט זיין קיין חסרון דאָס גלאט ראזירטע פּנים. אין א קורצער צייט ארום האָט זיך עס איהם טאקע איינגעגעבען צו פאראינטערעסירען א פארמעגליכען, געבילדעטען מעהל־הענדלער אין מאַקס'ן. אָבער ווען זיין טאָכטער האָט איהם געזעהן איז זי געבליבען אונצופרידען מיט דעם אקטיאָרסקען פּנים, א זאך וועלכער איז נישט פארעכענט פאר א מעלה אין געוויסע אי־ דיש־אריסטאָקראטישע קרייזען אין פוילען.

אזוי האָט זיך עס געצויגען היבשע עטליכע מאָנאטען, ביז עס האָט זיך געמאכט מאַקס'ן א שטעלע אין פּלאָצק. קיין גרויסע גליקען האָט ער דאָרט נישט געמאכט, פון דעסטוועגען האָט עס איהם אריינגעבראכט וועכענטליך עטליכע הונדערט מארק. דער

פאָטער האָט פון איהם רעגולער געקראָגען הונדערט און פופציג מארק א וואָך, דאָך האָט ער אַלץ געזעהן צו פאראינטערעסירען דעם זוהן אין דעם שידוך מיט דעם מעהל־סוחר'ס מיידעל. זי האָט נאָך אַלץ נישט געקראָגען קיין פאסענדען חתן און עס איז פארשטאַנען געווען אַז מאַקס וועט סוף־כל־סוף זיין דער באַשערטער.

דערוויל האָט זיך די מלחמה געענדיגט. דער עולם האָט עטוואס אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, די דייטשע ארמייען האָבען זיך ביסלעכווייז צוריקגעצויגען פון פוילען און פאר מאַקס'ן האָט ווידער אויפגעשיינט די האָפנונג אין גיכען צו פאָהרען קיין אמעריקאַ.

איהם איז שוין זאָגאר געלונגען צו פארקניפּען צוריק פארבינדונגען מיט זיינע אַלטע פריינד פון ניו יאָרק, אָבער מיט אמאָל זיינען אָנגעקומען די האַלערטשיקעס (די פוילישע לעגיאָנען פון פראנקרייך) און די פּאַסירונגען מיט מאַקס'ן האָבען אָנגענומען א נייע ווענדונג...

— — — — — — — — — — —

ווען מאַקס איז געקומען שפּעט אין יולי פאר עטליכע וואָכען וואַקאַציע קיין ווארשא, האָט איהם כמעט קיינער נישט דערקענט: ער האָט געטראָגען א היבשע באָרד מיט וואָנצעס, אַזוי, אַז זיין גאנצע געשטאַלט איז פארענדערט געוואָרען. קיין ערקלערונגען וועגען דעם האָט ער נישט געמאכט: וואס מ'האָט איהם נישט וועגען דעם צופרעגט האָט ער אַלץ געשוויגען. אָנדערע פון זיינע באַקאַנטע האָבען זיך זאָגאר גערייצט מיט איהם: „האָסט דאָך אנערקענט אז מיר האָבען מעהר געשמאַק ווי דיינע אמעריקאַנער"... אָבער ער פלעגט ווערען מעהר ערנסט און לייכט אויפציטערען, ווען מ'האָט באַריהרט דעם פונקט.

ערשט אין עטליכע וואָכען אַרום, איז געקומען פון פּלאָצק דעם אַלטען סעגאַל'ס א קרוב, ביי וועמען מאַקס האָט טאַקע קווארטירט. ער האָט עס דערצעהלט ווי אַזוי איינמאָל אין אווענט איז מאַקס א היים געקומען אַ בלאַסער און געציטערט פון אויפרעגונג. ער האָט געזעהן א סצענע ווי א באַנדע האַלערטשיקעס איז אָנגעפאַלען אויף אַן אַלטען אידען און איהם מיט א שווערד אָפּגעהאַקט די באָרד און ווי אַזוי דער איד האָט זיי אַוועקגעגעבען אַלץ וואָס ער האָט געהאַט ביי זיך, אַז זיי זאָלען איהם אָפּגעבען די באָרד, כדי ער זאָל איהר קענען ברענגען צו קבר ישראל. „פון דעמאָלט אָן האָט זיך מאַקס אויפגעהערט צו ראַזירען" — האָט דער פּלאָצקער איד שטיל פארענדיגט און אַלע וואָס האָבען געהערט האָבען אין הארצען א וועהטאָגדיגע חרטה געפיהלט, וואָס זיי האָבען זיך לעצטענס איבער איהם לוסטיג געמאכט.

מאַקס האָט באַשלאָסען צו בלייבען אין ווארשא; ער האָט זיין אַמעריקאַנער פּאַס צוריסען אויף שטיק־שטיקלעך...

און דעם מעהלער'ס טאָכטער האָט שוין נאָך אמאָל חרטה געהאַט: דאָס מאָל צוליעב דעם וואָס ער טראָגט אַ באָרד.

# פראָגראַם פון די אַרבייטער רינג שולען

פון יעקב לעווין.

אין'ם ארטיקעל אין דעם יוני־יולי נומער פון „פריינד", האָב איך אָנגעצייכענט די פראגראם פון דעם ע ר ש ט ע ן יאָהר לערנען אין אַן ארבייטער רינג שול, די פראָגראם, וואָס איך וויל רעקאָמענדירען די שולען אויף אויסצופּראָווען און איינצופיהרען. דאָ וועל איך פאָרזעצען די פראָגראם פון די ווייטערדיגע יאָהרען.

דאָס ערשטע יאָהר, ווען די קינדער זיינען נאָך זעהר יונג און דערצו רוי אין דער אידישער שפּראַך, קומט אויס דעם גרעסטען טייל פון דער לערן־צייט אָפּצוגעבען אויף איבונגען אין לייענען און שרייבען. מען דערצעהלט דעמאָלט די קינדער אויך מעשה'לעך און לעגענדעס און מען פיהרט שמועסען מיט זיי; אָבער דאָס אַלץ האָט אין זעהר א גרויסער מאָס אַלס אויפגאַבע צו אַנטוויקלען די שפּראַכענקענטניש פון די קינדער. אָנהויבענדיג אָבער מיט'ן צווייטען יאָהר, ווען די קינדער האָבען זיך שוין אויסגעלערנט צו לייענען פריי און צו שרייבען אָהן גראָבע פעהלערען, דאַרף דאָס גאַנצע לערנען אין דער שול הויפּטזעכליך האָבען אין זין די גייסטיגע אַנטוויקלונג פון'ם קינד. דער פארשידענאַרטיגער מאַטעריאַל, וואָס איז נויטיג, כדי מען זאָל קאָנען אויסאיבען אויפ'ן קינד די געהעריגע ווירקונג, דאַרף גענומען ווערען הויפּטזעכליך פון אידישע קוועלען, באַזונדערס פון דער אידישער ליטעראַטור, כדי צו יעדער צייט פאָרצוזעצען די ארבייט פון פארברייטערען און פארטיפען די ידיעות פון די קינדער אין דער אידישער שפּראַך. אבער די אַנטוויקלונג פון'ם קינד, זיין נעהנטערע באַקאַנטשאַפט מיט דער סביבה פון זיינע עלטערען און פון די אידישע ארבייטער־מאַסען בכלל, סיי דאָ אין אַמעריקאַ, סיי אין אַנדערע לענדער, און די אויסבילדונג פון זיינע נייגונגען און די שטריכען פון זיין כאַראַקטער אין א געוויסער ריכטונג — דאָס דאַרף זיין די הויפּטשטרעבונג פון דער שול און פון דער פּראָגראם פון די לימודים אין די ווייטערדיגע קלאַסען.

איך וועל דאָ דאַריבער, איידער איך געה איבער צו די א יינצעלהייטען פון דער פּראָגראַם פון יעדען יאָהר באַזונדער, אָנווייזען אויף די אַלגעמיינע גרונד־פּרינציפּען פון די שולען וואָס זיינען אָנגענומען פון דעם בילדונגס־קאָמיטעט פון'ם אַר[...] בייטער רינג.

זיי לויטען אַזוי: „דאָס ציעל פון די א. ר. שולען זיינען: 1) אויסלערנען די קינדער גוט לייענען, שרייבען און רעדע[ן] אידיש; 2) באַקאַנט מאַכען זיי מיט די בעסטע מוסטערן פון דע[ר] אידישער ליטעראַטור; 3) באַקאַנט מאַכען זיי מיט'ן לעבען פ[ון] די ארבייטער און פון די ברייטע אידישע מאַסען אין אמעריקאַ און אין אַנדערע לענדער; 4) באַקאַנט מאַכען זיי מיט דער גע[־]שיכטע פון'ם אידישען פאָלק און מיט די עפּיזאָדען פון קאַמ[ף] פאַר פרייהייט פון דער אַלגעמיינער געשיכטע; 5) אַנטוויקלע[ן] ביי זיי די געפיהלען פון יושר, פון ליעבע צו אונטערדריקטע, פו[ן] ליעבע צו פרייהייט און פון אַכטונג צו די קעמפער פאַר פריי[־]הייט; 6) אַנטוויקלען ביי זיי דאָס געפיהל פון שענקייט; או[ן] 7) אַנטוויקלען ביי זיי דעם הויכען אידעאַליזם און די שטרעבונ[ג] צו גרויסע מעשים, וועלכע זיינען נויטיג פאַר יעדען קינד פון'[ם] אונטערדריקטען קלאַס אויף זיין ווייטערדיגען לעבענס־וועג צ[ו] א בעסערער אָרדנונג".

די גאַנצע פּראָגראַם דאַרף האָבען אין זינען דורכצופיהרען פאַרווירקליכען אין'ם לעבען פון דער שול אָט די גרונד־פּרינצי[־]פּען, צופּאַסענדיג זיך צום עלטער פון די קינדער, צו זייער באַ[־]נעמונגס־פעהיגקייט און צו דער צייט וואָס זיי קאָנען אָפּגעבע[ן] דער אידישער שול.

### פּראָגראַם פאַר'ן צווייטען יאָהר.

א) שמועסען.

זיי דאַרפען געפיהרט ווערען געוועהנליך אין פאַרבינדונ[ג] מיט'ן לעז־מאַטעריאַל. וועגען יעדער זאַך וואָס ווערט געלייענ[ט] אין קלאַס, דאַרף מען וואָס גענויער דורכשמועסען זיך מיט ד[...]

די אידישע שונאים אויף להכעים וועלען מיר נישט אונטערגעהן! מיר וועלען נישט נאָ[...]

קינדער, לאָזענדיג זיי אַרויסזאָגען אלץ, וואָס זיי ווייסען וועגען דעם געגענשטאנד אָדער געגענשטאנדען, וואָס ווערען באריהרט אין׳ם לעז־שטיק, און אַנווייזענדיג זיי אויף דעם, וואָס זיי האָבען הורכגעלאָזען און וואָס עס איז פאַר זיי וויכטיג צו וויסען. מען קען אָבער אמאָל אויך ספּעציעל שמועסען וועגען א געוויסען געגענשטאנד אָדער ערשיינונג פון׳ם לעבען ארום, ווי א סטרייק, וואהלען, א יום טוב, דעם 1טען מאי, דעם 4טען דזשולייי, א געשלעג פון קינדער אין גאַס, אַן אומגליקליכער צופאַל, א. ד. גל.

ב) לייענען.

1) לעגענדעס, פאַבלען, מעשות און דערצעהלונגען, וועלכע ענטהאַלטען אין זיך אַן עלעמענט פון מאָראַל, עטוואס וועגען עהרליכקייט, אומקעהרען א געפינס, האַלטען וואָרט, רחמנות האָבען, העלפען א צווייטען, חבר׳שאַפט, העפליכקייט, אכטונג צו עלטערע און צו געלערנטקייט; וועגען פוילקייט און פלייסיגקייט, וועגען דעם נוצען פון לערנען; וועגען קאַמף פאַר פרייהייט און אַפּפערוויליגקייט; וועגען א סטרייק; און דער לאגע פון׳ם ארבייטער אין דער צייט פון סטרייק.

2) דערצעהלונגען פון׳ם לעבען פון אידישע קינדער — באַזונדערס פון ארבייטער־קינדער — אין אַמעריקא.

3) וועגען די הויז־חיות און הויז־פויגעל; וועגען די באַקאַנטעסטע ווילדע חיות: לייב, טיגער, העלפאַנט, בער, וואָלף, פוקס, מאַלפּע; וועגען זינג־פויגעל: נאַכטיגאַל, קאַנאַריק, און רויב־פויגעל: אדלער, בושעל; וועגען אינזעקטען: פליג, בין; וועגען פרוכט־ביימער און אנדערע; וועגען בלומען, א גאָרטען, א פּאַרק.

4) וועגען די פיער צייטען פון יאָהר און וועגען די ימים טובים: חנוכה, פורים, פּסח, לג בעומר, שבועות און סוכות.

5) לייענען און שמועסען וועגען אלטען חדר, וועגען פּאַבליק סקול, וועגען דער נייער אידישער שול.

ג) אויסלערנען אויף אויסווענדיג.

ל א ה ק א פ י ל א ו ו י ט ש : דעם זיידענס טאַבאַקפּושקע; אין הויף. מ א נ י ל י י ב : אין אווענט; ליעד פון ברויט. מ. ר אָ ז ע נ פ ע ל ד :* דער קאַנאַריק ;* דער מאַן; דער אָדלער. י ה ו א ש : דער צויבערמאַן; פריהלינג; דער האָן און דער פערל. ד. אַ י י נ ה אָ ר ן : מיין קעצעלע; קאָרנשוועסטערלאַך. ש. פ ר ו ג : א חדר־מעשה. א. ר ײ ז ע ן : די מוטער צום קינד ;* ווינטער־ליד. ה. ר ו י ז ע נ ב ל אָ ט : אין נעיענ. מ. ט י י ט ש : גרוסען. מ. ו א ר ש א ו ו ס ק י : דער ווינטער. נ. י ע ר ו ס א ל י מ ט ש י ק : די גריל און די מוראשקע; דער הונט און דער וואָלף; די קאַץ און דער קוכער; צוויי הינט; דאָס פערד און דער קעמעל. מ. ר י ו ו ע ס מ א ן : דער פוקס און די ווינטרויבען. ב ן א ה ו ד :* און דו אַקערסט און דו זייהסט.

פון די אויסגערעכענטע ליעדער ווערען אייניגע געזונגען. אָב ווינען די, וואָס זיינען באַצייכענט מיט א שטערנדעל. ויסער די קאָן מען נאָך רעקאָמענדירען פאָלגענדע ליעדער צו נגען אין דעם קלאַס : מ. ר י ו ו ע ס מ א ן : דער פריהלינג. ד. מ ש א ר נ י : הערבסט־ליעד. מ. ו ו א ר ש א ו ו ס ק י : אויפ׳ן פריפּעטשיק; שמחת תורה; די מיזינקע אויסגעגעבען. ש ל ו ם ע ל י כ ם : וויג־ליעד.

פאָלקס ליעדער : חאַצקעלע; שלאָף מיין קינד; איי ליו־לו־לו שלאָף; דער בעל עגלה; די גאָלדענע פּאווע; א גנבה; עה איך מיר אין קעמערל.

ד) אויפזאַצען.

1) לאָזען די קינדער ענטפערן שריפטליך אויף פראַגען פון מעשה׳לעך; 2) לאָזען די קינדער אליין איבערדערצעהלען שריפטליך א געלעזענע מעשה. 3) לאָזען די קינדער אליין איבערדערצעהלען שריפטליך דעם אינהאַלט פון א מעשה, וואָס איז אָנגעשריבען אין פערזען (א ליעד); 4) לאָזען די קינדער שרייבען אייגענע פאַרפאַסונגען אויף טעמעס, וואָס זיי אליין קלייבען אויס; 5) ארויסגעבען שרייבען אויף פאָלגענדע טעמעס :

1) א בריעף צו די עלטערען, צו א פריינד, צום לעהרער, א. ד. גל. וועגען דער אידישער שול; וועגען אַן ארויספאָהר; וועגען א יום טוב; וועגען געזונט; א באַגריסונג צום געבורטסטאַג אָדער ביי אנדערע געלעגענהייטען ; וועגען וואַקאַציעס. 2) ווי האָסטו פאַרבראַכט: א שבת; א זונטאַג; א יום טוב; ביי דעם זיידען אָדער דער באָבען אין געסט; ביי פריינד אין געסט; וואַקאַציעס. 3) דערצעהל וועגען דעם נוצען וואָס דער מענש האָט פון: א פערד, א קוה, א שעפּס, א הונט, א קאַץ, פון די הויז־פויגעל. 4) דערצעהל א מעשה וואָס דו האָסט געהערט, געלייענט, אָדער אליין אויסגעקלערט וועגען: א הונט, א פערד, א לייב, א וואָלף, א בער, א העלפאַנט. 5) טראַכט צו א מעשה׳לע צו א שפּריכוואָרט: א) ווער עס גראָבט א גרוב פאַר אַן אנדערען, פאַלט אליין אין איהר אריין; ב) געה לאַנגזאַם, וועסטו שנעלער קומען; ג) א בלינד פערד פאַלט גלייך אין גרוב אריין; ד) ווען מען גרייט אָן זומער האָט מען אויף ווינטער; 6) דערצעהל וועגען דיין פאָפּאַס א סטרייק.

ה) אָרטאָגראַפיע :

1) דער שטומער „א“ צווישען דריי וואָוועןן; 2) דער שטומער „א“ אין אָנהויב וואָרט און אין מיטען וואָרט, אין צוזאַמענגעזעצטע ווערטער: פאַראיין, פאַראַייביגען. 3) שלוס אותיות: ניטאָ קיין שלוס־אותיות פאַר׳ן אַפּאָסטראָף; פון׳ם, אויפ׳ן. 4) קורצער „ע“ אין דער לעצטער זילב : זיצען, פויגעל : אין מיטען וואָרט: זיצענדיג, פויגעלדיג; נאָך א „ר“: ציטערן, עלטערן, הערען. 5) „עה“ אין די ווערטער, וואו זיי זיינען נאָך פאַרבליבען, ווי „זעהר“; 6) שטומע „ע“ און „ה“ אין די ווערטער, וואו זיי זיינען נאָך פאַרבליבען: פיער, פליהען. 7) אַפּאָסטראָף ביי פאַרקירצונגען: ס׳וועט, כ׳וועל. 8) אַפּאָסטראָף ביי פאַראייניגונג מיט „דעם“: אויפ׳ן, אינ׳ם. 9) די פאָרזילבען: פ אַ ר, ב אַ, צ ו און צ ע, פ אַ נ אַ נ ד ע ר, ג ע. 10) די סופיקסען : „יק“ (אין הויפּט־ווערטער און „יג“ (אין אייגענשאַפטווערטער און צייטווערטער), ע ם, ע ן, און י ן, י ש, ע ך און י ך; 11) שטומער „ד“ און „ס“ אין די ענדונגען פון צייטווערטער: בינדסט, זיצסט. 12) אומקלאָרע קלאַנגען: „ד“ און „ט“ (ווינט, קינד); „ג“ און „ק“ (זאָגט, האַקט); „ז“ און „ס“ (מוזט, האָסט); 13) „א“, „ע“ און „ה“ פאַר קינדער וואָס פאַרבייטען די קלאַנגען: א י י און ה י י; אַ ל ט ע ר און ה אַ ל ט ע ר; ע ר און ה ע ר א. ד. גל.

ו) העברייאישער עלעמענט.

1) איבונגען מיט העברייאיש־אידישע ווערטער מיט נקודות אָהן אַן אות־וואָקאַל; 2) א חיריק מיט א יוד און אָהן א יוד (סימן; שמחה); 3) א חולם מיט א וואָוו און אָהן א וואָוו (אין אייגענגעמען (גולם; משה). 4) שטומער „ה“ און „א“ אין סוף וואָרט (חלה, דוקא). 5) שטומער „ו“, „י“ און „ע“ אין סוף וואָרט (פרי, אפילו, רגע). 6) די ענדונג „ים“ און „ות“ (בגדים, עצות, רחמנות). 7) איבונגען מיט „ח“ און „כ“, מיט „ט“ און „ת“, מיט „ב“ און „ו“, מיט „ס“, „ת“ און „ש“; 8) ענדונג „ח“ אין סוף וואָרט; 9) ווערטער מיט׳ן קלאַנג „אָ“, וואָס ווערט באַצייכענט מיט א „ו“, צ. ב.: סוף, דור, סוחרים. 10) אַפּאָסטראָף ביי העברייאישע שרשים און אידישע ענדונגען (שבת׳דיג, ירש׳ענען).

ז) גראַמאַטישע איבונגען :

1) אויף מערצאָל פון הויפּטווערטער אָהן אַן ענדונג: פיש, ליכט, העק, הענט, און מיט די ענדונגען: ען, ער, ס און עך : טישען, וועלדער, פאַטערס, פייגעלעך. 2) אויף מערצאָל פון העברייאישע ווערטער אויף ים און ות : בגדים, חלות. 3) אויף דער פאַרקלענערונגס פאָרם פון הויפּט־ווערטער: דאָס הענטעלע, פיסעלע, א. ד. גל. 4) אויפ׳ן געשלעכט פון הויפּט־ווערטער; 5) באַקאָנען דאָס קינד מיט׳ן איינפאַכען זאַץ: מיט׳ן זאַכוואָרט, זאַגוואָרט, דירעקטען און אומדירעקטען אָביעקט. 6) באַקאַנען דאָס קינד דורך זאַצען מיט דער בייגונג פון הויפּט־ווערטער; 7) איבונגען אויף דער בייגונג פון אייגענשאַפטווערטער מיט׳ן באַשטימטען און אומבאַשטימטען אַרטיקעל ; 8) אויף די

עבען אונזער געלד און פאַרטיידיגונג, נאָר אויך אונזער בלוט! — מאַקס פיין.

פראסטע רייזע־טאשען באזיצט א פאפיערענעם אונטערשלאק. גראדען פון אייגענשאפטווערטער: אלט, עלטער, דער עלטסטער. 9) אויף די דריי הויפט־צייטען פון צייטווערטער און אויף דער פולמאליגער פארם (איך פלעג), באדינגפארם (איך וואלט) און באפעלפארם (קום). 10) אויף דער פארגאנגענער צייט מיט „זיין" און מיט „האבען". 11) אויף פארקירצונגען פון דעם ווארט „דעם" און „דער" מיט א פארווארט: אויפ'ן, צום, אינ'ם.

ח) ביאגראפיעס.

דערצעהלען די קינדער די מעשה־טיילען וועגען דעם לעבען פון די פאלגענדע פערזאנען: יהודה המכבי; הלל הזקן; ר' עקיבא בר כוכבא; ר' אליעזר בן הורקנוס; רב יהודה הנשיא; רמבם; רשי; אבן גבירול; רב אמנון; משה מענדעלסאן; גערשוני; סאקראט; ספארטאק; ווילהעלם טעל.

ט) פארלייענען פאר די קינדער און דערצעהלען זיי:

י. ל. פ ר ץ ' ע ס: זיבען גוטע יאהר; דער קונצען־מאכער; שרה בת טובים; דער דין תורה מיט'ן ווינט. ש ל ו ם ע ל י כ ם: מתושלח, בערעלע; חנוכה; ביים קעניג אחשורוש; ניס; א פארשטערטער לג בעומר; גרינס אויף שבועות; איין מאל א סוכה; די פאן. מ. ס פ ע ק ט א ר: קינדער; דעם יתומ'ס סדר. א. ר י י ז ע ן: די צוויי ברידערלעך; דעם זיידענס לאמטערן; פארשפעטיגט. ז. פ י י ע ר ב ע ר ג: דאס קעלבעל; אין אוועגט. א י ס ר ק א צ א ו ו י ט ש: טיילען פון 60 יאהר לעבען, ערשטע אפטיילונג. א פ א ט א ש [illegible]סעמקעס טויט. י. ש ט י י נ ב ע ר ג: רויזען און שמא[illegible]ראגדען; צוויי באגערען; שמואל דער מילנער; א מעשה מי[illegible] צוויי ברידער; מאני לייב; אינגעל צינגעל כוואט; מעשה'לע[illegible] קרענצעלאך. פון פ א ש ע ל ע ס ס י פ ו ר י ם: די איי[illegible] הייל; מייזעל; דער פייגענבוים אלס עדות; בלדד דער דאקטאר ו ו. ג א ר ש ו ן: סיגנאל; די מעשה מיט'ן שטאלצען אני[illegible] ל. ט א ל ס ט א י: דער אומשולדיג פאר'משפט'ער; [illegible] מלאך; א מעשה פאר קינדער. ד'א מ י ט ש י ס: דאס נוט[illegible] קינד; די שניי־גאמעלקע; די העלדישע מיידעל. פ א נ [illegible] ג ל א נ ץ: דער געטרייער אמת.

ט) געשיכטע.

קורץ איבער'חזר'ן דאס, וואס מען האט דערצעהלט דא[illegible] ערשטע יאהר, אפשטעלענדיג זיך איצט שוין מעהר אויף דע[illegible] קולטור־היסטארישער זייט פון די מעשות און געהן ווייטער פון שלמה'ן ביז בר כוכבא'ס אויפשטאנד. שפעטער, אויב ע[illegible] בלייבט צייט, איבער'חזר'ן דאס און אפשטעלען זיך גענוי[illegible] אויפ'ן קאמף פאר דער אידישער פרייהייט אין דער צייט פו[illegible] די ערשטע חשמונאים, אויף דעם קאמף מיט די רוימער און פו[illegible] בר כוכבא'ן.

ס. הערמאן:

# איז די לאגיק לאגיש?

אזוי ווייט ווי מיר איז באקאנט, איז עס דאס ערשטע מאל, צו מאכען א פארזוך צו געבען אן אפהאנדלונג איבער לאגיק, אין דער אידישער שפראך. דארום האט עס מיך זעהר געפרעהט ווען איך האב ערהאלטען דעם נאוועמבער נום. „פריינד" און געפינען אז פר. קראנץ פאנגט אן צו געבען אן אויספיהרליכע אפהאנדלונג איבער די כללים פון לאגיק. איך האב עס גענומען לעזען מיט א שטאר־קען אינטערעס. ערשטענס איז עס טאקי זעהר ניצליך צו נעמען לעסאנס אין לאגיק, זאגאר צו די עלטערע יאהרען. צווייטענס האט מיך אינטערעסירט צו זעהן ווי אזוי עס וועט ארויסקומען אין אי־דיש, פאר איהר, א נייע וויסענשאפט. וועט די שפראך האבען גע־נוג ווערטער און בויגזאמקייט איבערצוגעבען אין איהר א נייען געדאנק? דערצו נאך אזא טיעפע און אין דער זעלבער צייט אזא וויכטיגע וויסענשאפט, וואס אריסטאטעל האט איהר גערופען „די וויסענשאפט פון אלע וויסענשאפטען".

איך האב דורכגעלעזען די לעקציע אין דעם נומער, אביסעל זיך צוגעמאטערט, ביז איך האב געדענקט אז איך פארשטעה אלעס. ווען איך האב ערהאלטען די צווייטע לעקציע האב איך איהר אויך גוט דורכגעשטודירט. דאן האב איך גענומען די ערשטע לעקציע, ווי־דער אנגעפאנגען פון אנפאנג און איבערגעלערענט אין גאנצען כסדר. אזוי טו איך יעדעס מאל ווען איך באקום א נייעם נומער מיט א נייער לעקציע. יעצט האב איך שוין דורכגעשטודירט פיער לעק־ציעס.

אייגענטליך האב איך נאך ביי דער צווייטער לעקציע געהאט, ווי איך האב געדענקט, א שווערע איינווענדונג. האב איך עס אויפגע־שריבען און אוועקגעשיקט צו דער רעדאקציאן. אין א קורצע צייט ארום באקום איך צוריק מיין מאנוסקריפט מיט אן אנטווארט פון פר. קראנץ. ער פארזיכערט מיר, אז דער זאץ וועגען וועלכען איך האב אנגעפרעגט איז נאך אלע רעגעלען פון לאגיק. לערנענדיג די ווייטערע לעקציעס האב איך אבער איינגעזעהן, אז לויט נאך זיי־נע אייגענע ערקלערונגען איז יענער זאץ דאך ניט פארשטענדליך.

אנפאנגענדיג ווידער פון אנהויב האב איך דערצו געפונען נאך איניגע ניט פארשטענדליכע שטעלען. יעצט קען איך זיך מעהר ניט פארלאזען אויף פר. ק'ס פארזיכערונג און פארלאנג א דייט־ליכע ערקלערונג איבער די איניגע פונקטען.

אין דער ערשטער לעקציע זאגט פר. ק.: „למשל, ווען צוויי זאכען זיינען גלייך צו א דריטער, זיינען זיי דאך א ל ע ג ל י י ך. אזא שלוס, מוזט איהר ציהען, אויב איהר זייט נאר ביים קלארען פארשטאנד. דאס איז עטוואס, וואס איז אויגענשיינליך, וואס דארף ניט באוויזען ווערען." אין דער דריטער לעקציע גיט פר. ק. די הויפט פארמען פון שלוס ציהונגען. דא זיינען דריי פארמען: אנאלאגישע, אינדוקטיווע און דעדוקטיווע, אדער סע־לאגיזים. צוגלידערענדיג גוט דיעזע לעקציע געפין איך: אז א פארגלייך צווישען צוויי זאכען פון פרט צו פרט איז איינפאכע אנאלאגיע (עהנליכקייט). אויב אנאלאגיע איז א פארגלייך צווי־שען צוויי זאכען, טא ווארום איז דער משל „ווען צוויי זאכען זיי־נען גלייך צו א דריטער"? אבער דאס איז ניט אזוי וויכטיג. וואס מיך ארט איבערהויפט איז, ווען צוויי זאכען זיינען גלייך צו א דריטער הייסט דאך דאס נאר, ווען צוויי פרטים זיינען גלייך צ[illegible] א דריטען פרט, און פון פרט צו פרט איז דאך אן אנאלאגישער א[illegible] פערענץ, ניט א סעלאגיזים, ניט א נויטווענדיגער שלוס. אן אנאל[illegible] גישען אינפערענץ ק ע ן מען ציהען, אבער ניט מען מ ו ז, [illegible] איז גאר ניט אויגענשיינליך. דער איינציגער נויטווענדיגער, או[illegible] גענשיינליכער שלוס איז א דעדוקטיווער, א סעלאגיזם, אבער קי[illegible] נעספאלס ניט אן אנאלאגישער, זאגאר ניט אן אינדוקטיווער.

אין דער צווייטער לעקציע גיט אונז פר. ק. דריי באזונדע[illegible] פרעמיסעס און זייער סעלאגיזם. די ערשטע צוויי שטימען ריכטי[illegible] די דריטע פרעמיסעס מיט זייער סעלאגיזם גיט ער אזוי:

יעדע וויסענשאפט שטיצט זיך אויף נאטור געזעצען, [illegible]
לאגיק שטיצט זיך אויף די נאטור געזעצען פון דענקען,
פאלגליך איז לאגיק א וויסענשאפט.

זיינען די פרעמיסעס צוזאמענגעשטעלט ריכטיג אז מען זאל קענ[illegible] פון זיי ציהען א לאגישען שלוס?

לויט די אלע פארמען פון לאגיק וואס איך האב ביז אהער ג[illegible] לערענט, שוין אריינרעכענענדיג די דריטע און פערטע לעקציע, צי[illegible] פר. ק. אז ווען דער סוביעקט פון איין פרעמיס איז דאס זעלב[illegible] אדער עהנליך, צום סוביעקט פון צווייטען פרעמיס, דאן קען ס[illegible] שליסען דערפון אז דאס וואס איך זאג אין דעם פרעדיקאט פון אי[illegible] נעם באזיצט אויך דער צווייטער. ווען אבער איך באהויפטע בלו[illegible] אז דער סוביעקט פון איין פרעמיס באזיצט דעם פרעדיקאט פון צווי[illegible] טען פרעמיס, באווייזט עס נאך ניט אז זיי (די סוביעקטען) זייג[illegible] דאס זעלבע, אדער עהנליך אין אלע אנדערע הינזיכטען. עס ב[illegible] ווייזט נאר, אז אין דער הינזיכט זיינען זיי עהנליך. אלזא, ו[illegible] מען באהויפטעט אז לאגיק באזיצט דעם פרעדיקאט פון ערשטען פר[illegible] מיס קען מען נאך דערפון ניט שליסען אז זי איז דאסזעלבע ווי ד[illegible] סוביעקט פון ערשטען פרעמיס, ד. ה. אז זי איז א וויסענשאפט.

אויסער דעם פארשטעה איך פשוט ניט, אויב די פרעמיסעס זי[illegible] נען ריכטיג צוזאמענגעשטעלט, ווי אזוי וואלטען גאר אזוי פיעל [illegible] לאזאפען, זאגאר די גריכישע פילאזאפען, געקענט באשטרייטען לאגיק איז א וויסענשאפט, און רופען עס גאר א קונסט (זעה ער[illegible] טע לעקציע)? וואס, זיינען זיי געווען ניט ביים קלארען פא[illegible] שטאנד! ס'טייטש, אזוי אויגענשיינליך!

אין דער דריטער לעקציע ווארענט אונז פר. ק. אז מיר זאל[illegible] זיין זעהר פארזיכטיג מיט ווערטער, ווי צו געברויכען און א[illegible] וועלכען זין מיר געברויכען זיי. נעהם איך די פערטע לעקציע, ג[illegible] פין איך אזא פאראגראף:

„אבער אין דער אמת'ן האט מען דאך אין זינען דעם נאמ[illegible] ווארט „זאך". אנשטאט צו זאגען, למשל, „צוקער איז, א זיסע זא[illegible] זאגט מען עס קירצער: „צוקער איז זיס." אין אונזער שפר[illegible] לאזען מיר אפט אויס נ י ט נ א ר צ ו ל י ע ב ק ו ר צ ק[illegible] ו ו ע ר ט ע ר, (?) זאנדערען אויך גאנצען פראזען (דיזע א[illegible] טערשטרייכונג איז מיינע.—ס. ה.) ווי מיר ווילען עס האבען די [illegible] לעגענהייט צו זעהן ווייטער."

דער פאראגראף נויטיגט זיך אין אן ערקלערונג. עס איז איינ[illegible] א פארדרעהטער זאץ. צי דאס איז די שולד פון שרייבער, א[illegible]

# לעדער, אמת'ע און נאָכגעמאַכטע

עסעף

אין דער בעאַרבייטונג פון לעדער ווערען געברויכט פאַלגענדע אַרטיקלען:

ערשטענס, אייל און פעטס. פיעלע זאָרטען פלאַנצען־אייל, פיש־אייל און פעטס פון חיות ווערען געברויכט. מען רייבט די האַלב געטריקענטע פעל איין מיט די אָייל ביז וואַנען דאָס וואַסער ווערט אַרויסגעטריבען און די פעל ווערט אין גאַנצען דורכגעזאַפּט מיט דעם אייל, וואָס פאַרהיט די פעל פון ווערען צופוילט און אויסגעטריקענט. דער זאָרט באַאַרבייטען פון פעל איז דער עלטסטער פון אַלע. עס איז באַנוצט געוואָרען מיט טויזענדרע און פילייכט מיט צעהנדליגע טויזענדרע יאָהרען צוריק.

צווייטענס, פלאַנצען־טאַנין. די קאָרע פון דער דעמבע ענטהאַלט פון 12 ביז 15 פּראָצענט. דער טאַנין פון דער דעמבע איז פאַררעכענט אַלס דער בעסטער זאָרט מאַטעריאַל. עס ווערט גענוצט צו מאַכען שווערע לעדער, וועלכע קומט נאָכ'ן פּראָצעס אַרויס ברוין. די קאָרע פון טענענבוים ענטהאַלט אַרום 15 פּראָצענט טאַנין. די לעדער פון דיזען טאַנין איז רויט, האַרטער ווי די לעדער פון דעמבע טאַנין און ברעכט זיך אָפּט. אין דער קאָרע פון דער ווערבע געפינט זיך אַרום 5 פּראָצענט טאַנין, וואָס ווערט געברויכט אויסצואַרבייטען רינגע, ווייכע לעדער, נאַלעש (אַ געשווילעכץ, וואָס וואַקסט אויף דער דעמבע און קוקט אויס ווי אַ נוס) ענטהאַלט מעהר ווי 60 פּראָצענט טאַנין. עס ברענגט אָבער אַ גרעסערען פּרייז אין דער פּראָדוקציאָן פון טינט ווי אין דער לעדער־אינדוסטריע.

טאַנין געפינט זיך אויך אין פיעלע אַנדערע בוימער און קלענערע פלאַנצען. עס געפינט זיך אין דער קאָרע, אין האָלץ, אָדער אין די בלעטער. אין די מעהרסטע פלאַנצען געפינט זיך עס אָבער אין צו קליינע פּראָצענטען, אַז עס זאָל זיך עס לוינען אַרויסצוציהען. איינינגע פלאַנצען־פּראָדוקטען, ווי טיי און קאַווע, ענטהאַלטען טאַנין, אָבער זיי זיינען מעהר ווערטה פאַר אַנדערע צוועקען.

דריטענס: כעמיקער האָבען אויסגעפונען, אַז געוויסע זאַלצען פון די עלעמענטען אַלומיניום, כראָם און אייזען ווירקען אויף פעל, דאָסזעלבע ווי טאַנין פון פלאַנצען. עס ווערט זאָגאַר באַהויפּטעט, אַז איינינגע פון דיזע זאַלצען זיינען פיעל בעסער ווי די נאַטירליכע גארב־שטאָפען. ווי די זאַך זאָל ניט זיין, ווערען יעצט דיזע זאַלצען פיעל מעהר גענוצט ווי דיזער נאַטירליכער טאַנין.

די אויסגעאַרבייטע לעדער איז באַוואוסט אונטער פאַרשיעדענע נעמען, ווי מאַראָקאָ לעדער, „פּעטען" לעדער, רוסישע לעדער און פּאַרמענט אָדער וועלון. אמת'ע מאַראָקאָ לעדער ווערט אויסגעאַרבייט פון די פעל פון ציעגען. אַזוי ווי אָבער ציעגען זיינען היינט צו טאָג אַ זעלטענהייט, נוצט מען די פעל פון שאָף. די סחורה איז אָבער ניט אַזוי גוט ווי די, וואָס מען באַקומט פון ציעגען. „פּעטען" לעדער, ריכטיגער: פּאַטענטירטע לעדער, ווערט געגאַרבט אויפ'ן זעלבען וועג ווי געוועהנליכע לעדער, נאָר עס ווערט פאַרענדיגט מיט פאַרב און ליאַקיר. די אַזוי־גערופענע רוסישע לעדער ווערט אַם מעהרסטענס געגאַרבט מיט דעם טאַנין פון דער ווערבע. די אונטערשטע זייט פון דער פעל ווערט איינגעריבען מיט דעם אייל פון בעריאָזענע בוימער. דאָס מאַכט, זאָגט מען, אַז די לעדער זאָל קענען ליגען אין אַ נאַסען אָרט און ניט צופוילט ווערען.

פּאַרמענט איז טעכניש אין גאַנצען קיין לעדער ניט. עס ענטהאַלט ניט קיין טאַנין און קיין אייל. עס איז ניט מעהר ווי אויסגעטריקענטע און געווייסטע פעל.

פּאַרמענט ווערט גענוצט אַנשטאַט פּאַפּיער. מען שרייבט אויף דעם וויכטיגע דאָקומענטען. רעליגיעזע אידען מאַכען דערפון ספרי־תורות, תפילין און מזוזות. דער אַלטער סופר פון דער קליינער שטעדטעל (אָדער גרויסער שטאָדט, אויב איהר ווילט), פון וואַנען איהר קומט, אַרבייט נאָך יעצט אויס זיין פּאַרמענט נאָך דער זעלבער מעטאָדע, ווי דאָס האָבען געטאָן די פאַרצייטיגע גריכען פון דער שטאָדט פּערגאַמוס, וועלכע האָבען דעם פּראָצעס ערפונדען און האָבען דעם פאַרטיגען פּראָדוקט אַ נאָמען געגעבען נאָך זייער געבורטס־שטאָדט.

נאָכדעם, ווי דער סופר ווייקט די קעלבערנע, שעפּסענע אָדער הירשענע פעלכעל פאַר איינינגע טעג אין וואַפּנע, קומט די האָר און פעטס לייכט אַרונטער. ער „שפּאַנט" דאַן די נאַסע פעלכעל איין אין אַ פיערעקיגע ראַהם און ערלויבט עס זיך אויסצוטריקענען אין דיזען אָנגעצויגענעם צושטאַנד. מיט אַ ברייטען אויסגעבויגענעם מעסער שאָבט ער דאַן פון די פעל אָפּ די איבערגעבליבענע האָר און אַנדערע פּסולת. כדי צו מאַכען די טרוקענע פעל ווייס און גלאַט שייערט ער דאָס מיט קרייד און פּימס. דער סופר שניידט דאַן אַרויס פון דער ראַהם אַ פאַרטיגע יריעה. ער באַצייכענט עס מיט ליניען און קען זיך גלייך נעמען שרייבען.

ווען מען ווייקט געוועהנליכע פּאַפּיער אין אַ מישונג פון איין טייל שוועבעל־זויערע צו פיער טייל וואַסער און מען וואַשט עס נאָכדעם אין אַמאָניאַק וואַסער, ווערט עס פיעל שטאַרקער און גלאַנציגער און קוקט אויס ווי פּאַרמענט. מען נוצט דיזען זאָרט „פּאַרמענט" פאַר פיעלע צוועקען, וואָס פאָדערען גוטע, שטאַרקע פּאַפּיר. לעדער איז אָבער פיעל שווערער נאָכצומאַכען ווי פּאַרמענט. די פּראָצעסען זיינען פיעל קאָמפּליצירטער און ניט אַלע מאָל קען דער פאַרטיגער פּראָדוקט פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון ראַיעלע לעדער.

קוקט זיך צו צו דער סעראַטע, וואָס ליגט פאַרשפּרייט אויפ'ן טיש ביי אייך אין קיך, און איהר וועט זעהן, אַז דאָס באַשטעהט פון אַ באַוועלנעם אונטערשלאַק, וואָס איז באַדעקט מיט אַ מין גומענער פאַרב. נאָכגעמאַכטע לעדער ווערט אין די מעהרסטע פעלע פּראָדוצירט אויפ'ן זעלבען וועג, ווי מען מאַכט סעראַטע. באַוועלנע טיכער ווערען באַדעקט מיט זאָמען־אייל, אין וואָס מען מישט פריהער אריין סאַזשע, פּעך, גומי אָדער קאָלאָפאָניע. ווען דער ערשטער צודעק טריקענט זיך אויס, שמירט מען דאָס איבער אַ צווייטען און, ווען נויטיג, אַ דריטען מאָל. די טיכער ווערען דאַן אויסגעוועלגערט, געשטופּעלט און פאַרקויפט פאַר לעדער. מען קען דיזען געפעלשטען לעדער דערקענען צוליעב דעם, וואָס עס שמעקט מיט דעם ריח פון זאָמען־אייל.

די בעסטע נאָכגעמאַכטע לעדער ווערט פּראָדוצירט פון צעלולאָיד און דעם אָפּפאַל פון דער גאַרבעריי. עס ווערט אויפגעלעזט אין בענזין אָדער אין אַנדערע אָרגאַנישע פליסיגקייטען און ווערט אַזוי פאַרשפּרייט איבער'ן טוך. די בענזין טריקענט זיך אויס און די אויפגעלעזטע מאַסע בלייבט צוגעקלעפּט צום אונטערשלאַק. מען וואַלגערט דעמאָלט די טיכער אויס און מען שטופּעלט זיי, ווי מען טוט דאָס מיט אמת'ע לעדער. דיזען אַרטיקעל איז שווער צו אונטערשיידען פון די נאַטירליכע סחורה, ווייל עס באַזיצט דעם ריח פון ראַיעלע לעדער.

דער אונטערשלאַק פון נאָכגעמאַכטע לעדער איז אָדער באַוועלנע טוך, אָדער איינפאַכע פּאַפּיער. „לעדער" וואָס ווערט געברויכט צו באַציהען די טאָוולען פון ביליגע ביכער און

---

פון הבחור הזעצער, ווייס איך ניט. יעדענפאַלס, אין אַן אַפּהאַנדלונג איבער לאָגיק דאַרף מען זיין פאָרזיכטיגער.

פון דער רעדאַקציע: אונזער געעהרטער מיטאַרבייטער פיליפּ קראַנץ וועט אין נעקסטען נומער ענטפערען אויף די ווידערשפּרוכען, וועלכע פר. הערמאַן ווייזס אַן אין זיין אַרטיקעל.

ב. ליליענבלום:

# אונזער סאַניטאַריום

(אַן איבערבליק איבער די פּראָבלעמען און זייערע אורזאַכען)

אין דעם רעפּאָרט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע צו דער קאָנווענשאָן, זאָגט זיך: מיר זיינען געווען גרייט נאָך צוויי טעג פון סטרייק דעם סאַניטאַריום בעסער איינגאַנצען צוצומאַכען, ביז דער קאָנווענשאָן, איידער איבערגעבען אונזער פאַראַנטוואָרטליכקייט צו וועמען עס איז פון די אָנגעשטעלטע.״ און ווייטער, „אַז די הויפּט אורזאַכע איז דאָס, וואָס ניט אלע פון אונזערע מיטגליעדער, וואָס קומען אין סאַניטאַריום, באגרייפען די פאָדערונג פון דעמאָקראַטישע פאַרוואַלטונג און פון מעדיציניש אינסטיטושאָנס״, און אַז „אין אַזאַ אינסטיטושאָן, ווי אונזערע, איז אַזעלכעס פאָרלויפיג שווער צו ערוואַרטען, סיידען ניט נאָר די סאַניטאַריום קאָמיטע, נאָר אלע ברענטשעס אין לאַנד וועלען זיך נעמען צו העלפען שאַפען די באַדינגונגען וואָס זיינען נויטיג פאר אונזער סאַניטאַריום״. איך וויל זיך אונטערשרייבען אונטער דיעזע ווערטער פון די סאַנ. קאָמ. מיט בײדע הענט, ווייל איך ווייס, אַז דאָס איז אַלץ אמת; איך ווייס אָבער אויך, אַז איך קען ניט באַשולדיגען אונזערע מעמבערס פאר זייערע האַנדלונגען, איינפאַך דערפאַר, ווייל זיי זיינען ניט גענוג באַקאַנט מיט די אומשטענדען פון סאַניטאַריום און איך גלויב אויך, אַז די פּאַציענטען זיינען ניט די איינציגע שולדיגע אין די אלע צרות, נאָר שולדיג זיינען אין דעם אויך די אַלגעמיינע אומשטענדען, וואָס די מעמבערס ווייסען פון זיי ניט און באגרייפען ניט די וויכטיגקייט פון זיי. עס איז גענוג צו דערמאָנען אלס א בײשפּיעל די יעצטיגע מעמבערס פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע אליין, מיט אַ פּאָר יאָהר צוריק האָבען זיי זיכער ניט באגריפען אַזוי גוט דעם סאַניטאַריום ווי יעצט. איך שרייב אייגענטליך דיזע צײלען, כדי צו וואַרפען אַן איבערבליק איבער דער פראַגע.

## דער סאַניטאַריום.

דער סאַניטאַריום באַשטעהט פון 164 אַקער לאַנד. אַרום פופציג אַקער פאַרנעמען די געביידען. אַרום נאָך פופציג אַקער איז קולטיווירטע לאַנד און די איבריגע איז גראָז און וואַלד. מיר האָבען 4 לענטוס, דאָס הויפּט הייזער פאר די פּאַציענטען, וואָס קאָסטען אַרום 40 טויזענד דאָלאר; אַ האָספּיטאַל, וואָס קאָסט אַרום 35 טויזענד דאָלאר; אַן אַדמיניסטריישאָן בילדונג, קיטשען, דיינינג־רום און אָפיס, וואָס קאָסטען אַרום 35 טויזענד דאָלאר; אַ לאָנדרי, ווערט אַרום 35 טויזענד דאָלאר, אַ באַרן, קאָסט אַרום 7 טויזענד דאָלאר, אַ סטאָרעדזש סעלער — אַרום 4000 דאָלאר; דער לייק אַרום 5 טויזענד דאָלאר; אַ וואַסער לייטונג, ווערט אַרום 20 טויזענד דאָלאר; אַן אָפּצוג קאַנאַל סיסטעם — אַרום 5 טויזענד דאָלאר; אַ טשיקען פאַרם, פערד און פאַרשיידענע כלים. אַלעס צוזאַמען איז עס אַ פאַרמעגען פון אַרום אַ פערטעל מיליאָן דאָלאר.

מיר באַשעפטיגען צוויי דאָקטוירים, צוויי נוירסעס, צוויי אָרדערליס, אַ מאַטראָן, אַ קעכין, אַ בוק־קיפּער, אַן אינדזשיניר און פון 25 ביז 30 ארבייטער.

## די סאַניטאַריום קאָמיטע.

עס איז דאַרום זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז די סאַניטאַריום קאָמיטע, וואָס איז פאַראַנטוואָרטליך פאר אלעס, מוז זיין די וויכטיגסטע קאָמיטע און מוז האָבען דעם בעסטען פּערזאָנאַל, וואָס דער א. ר. פאַרמאָגט. עס איז אמת, אַז אין יעדער קאָמיטע האָבען זיך געפונען איניגע, וואָס האָבען פאַרשטאַנען זייער אויפגאַבע און האָבען געהאַט דעם גוטען ווילען, אָבער דער סאַניטאַריום פאָדערט פיעל צייט, און עס נעמט זעהר לאַנג אַפילו פאר דעם פעהיגסטען אויסצולערנען זיך און צו פאַרשטעהן דעם סאַניטאַריום מיט זיינע פּראָבלעמען און קאָמפּליצירטע אָפּטיילונגען. ער מוז פאָהרען אַהין גאַנץ אָפט, אום זיך צו באַקענען מיט דעם כאַראַקטער פון די ביזנעס, ווי אויך מיט די פּאַציענטען א. אַז. וו. עס וועט דעריבער ניט זיין איבערטריבען צו זאָגען, אַז ערשט אויפ׳ן צווייטען אדער דריטען יאהר הויבט ער אָן צו ווערען אַ גוטער און ערפאַהרענער קאָמיטע מאַן. ווי לאַנג אָבער האַלט זיך ביי אונז אַ סאַניטאַריום קאָמיטע? אָט זיינען די פאַקטען. די קאָמיטע פון 1912 האָט פלוצלונג רעזיגנירט צוליעב אַ מיספאַרשטענדניס מיט דער דאַמאָלסדיגער עקזעקוטיוו און האָט איבערגעלאָזען דעם סאַניטאַריום אין מיטען יאָהר.

די קאָמיטע פון 1914 האָט פאַרלאָזען אַ פאַרביטערטע צוליעב דעם האָספּיטאַל סטרייק. די קאָמ. פון 1915 איז מיט אמאָל ארויס צוליעב דעם קאַמפּף צווישען די יונגע און די אַלטע. די קאָמ. פון 1916 איז ווידער ארויס, ווייל די יונגע האָבען פאַרלארען די וואהלען און עס איז ווידער אַריין אַ נייע אין 1917, אָהנע פריהערדיגער ערפאַהרונג.

די יעצטיגע ערפאַהרענע מעמבערס ווידער וועלען מוזען אַרויס צוליעב דעם נייעם געזעץ, אַז קיין פאַרוואַלטער טאָר ניט זיין מעהר ווי דריי יאָהר אין דער פאַרוואַלטונג.

דאָס זיינען טרוקענע פאַקטען. אָבער וואָס איז דער רעזולטאַט? שטענדיג אַ נייע און גרינע קאָמיטע, וואָס ווייס ניט וואָס דער סאַניטאַריום איז. דער סאַניטאַריום פאַרלירט דורך דעם פינאַנציעל און מאָראַליש. פינאַנציעל, ווייל ניט זייענדיג ערפאַהרען מאַכט מען אונגויטיגע הוצאות, און אַמאָל מאַכט מען ניט קיינע נויטיגע וואָס עס קאָסט נאָכדעם טייערער. מיר פאַרלירען אויך מאָראַליש, ווייל די אָנגעשטעלטע האָבען ניט קיין צוטרויען און רעספּעקט צו אָפט בייטענדע און גרינע פאַרוואַלטער.

## מ ע נ ע ד ז ש מ ע נ ט.

עס איז זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז צו פאַרוואַלטען אַזאַ געשעפט דאַרף מען האָבען א גוטען מענעדזשער, און מיר האָבען איהם אויך געהאַט אין אָנפאַנג. דער ערשטער מענעדזשער איז ווירקליך געווען דער פּאַסענדער פּערזאָן, ערפאַהרען און איבערגעגעבען, איז ער אָבער ניט פאַרשטאַנען געוואָרען פון די פאַרוואַלטונגס קאָמיטעס. עס האָבען זיך אויפגעהויבען מיספאַרשטענדניסע צווישען איהם און דעם דאָקטאָר. אויך די פּאַציענטען האָבען ניט געוואָלט האָבען די דיסציפּלין, וואָס ער האָט איינגעפיהרט אין סאַניטאַריום. און נאָך לאַנגע צאַנקערייען איז ער אַוועק. נאָך איהם איז אויף אַ קורצע צייט געבליבען דער דאָקטאָר אלס מענעדזשער, און ער איז אויך אַוועק. דערנאָך האָט מען אָנגעשטעלט אלס דאָקטאָר און מענעדזשער דעם דאַמאָלסדיגען פאַרטרעטער פון דער מעדיקאַל באָארד אין ליבערטי. ער האָט זיך אָבער ניט באַנוגענט בלויז מיט דעם וואָס ער וועט זיין מענעדזשער און דאָקטאָר, נור ער האָט אויך געוואָלט אַז מען זאָל באַזייטיגען אין גאַנצען די סאַניטאַריום קאָמיטע — און ווען ער האָט עס אַזוי גרינג ניט געקענט אויספיהרען האָט ער פּרובירט אויסנוצען דעם דאַמאָלסדיגען קאַמפּף צווישען די אַלטע און די יונגע ווי אויך צו אָרגאַניזירען די פּאַציענטען. עס איז איבעריג פאַר מיר צו דערצעהלען יענע טרויעריגע געשיכטע ווייל זי איז אַלעמען גוט באַקאַנט. אין קורצען, איז דער רעזולטאַט פון דער מענעדזשמענט ניט בעסער ווי פון די סאַניטאַריום קאָמיטעס, מיר האָבען שוין געהאַט אין סאַניטאַריום צוויי מענעדזשערס און דריי דאָקטוירים מענעדזשערס אויסער די יעצטיגע און אין געוויסע צייטען גאר קיין מענעדזשמענט ניט געהאַט.

## א ר ב י י ט ס ־ ה ע נ ט.

די פראַגע פון אַרבייטס־הענט איז אויך אַ שווערע. דער סאָרט מענשען, וואָס טויגען זיך פאַר דער ארבייט פון סאַניטאַריום איז אַלע מאָל שווער צו פאַרוואַלטען און אויך שווער צו קריגען, ווייל ווינטער ווילען זיי אהין ניט פאָהרען און זומער האָבען זיי גענוג אַרבייט אין זומער הייזער. עס איז אָבער קיין וואונדער וואָס זיי לאָזען זיך ניט מענעדזשען, ווען זיי ווייסען, אַז זייערע באָסעס בייטען זיך אַלע ווײלע. זייער קוק אויפ׳ן סאַניטאַריום קען זיך אויסדריקען אין דער כאַראַקטעריסטישער באַמערקונג, וואָס איינער האָט געמאַכט ווען דער מענעדזשער האָט איהם אויסגערעדט פאַר וואָס ער גיט ניט אַכטונג אויף דעם סאַניטאַריום׳ס אייגענטום. „נעווער מיינד, מענעדזשער, אויף 40 טויזענט מעמבערס וועט עס זיך ניט אָנזעהן.״

## ד י פּ א צ י ע נ ט ע ן.

די מעדיצינישע ערפאַהרונג זאָגט, אַז טובערקולאָזע פּאַציענטען איז זעהר שווער צו מענעדזשען, ווייל זיי זיינען זעהר אויפגערעגט און פאַרביטערט. אַ שטאַרקער עגאָאיזם איז איינער פון די סימפּטאָמען פון אַ קאָנסאָמפּטיוו. דער כאַראַקטער פון דעם קאָנסאָמפּטיוו קראַנקען איז גאַנץ אַנדערש ווי ביי א געוועהנליכען קראַנקען. ער

---

נאָכ׳ן אונטערשלאַק, אַלזאָ, וואָלט געווען לייכט צו דערקענען געפעלשטע לעדער. די „לעדער״ ווערט אָבער מעהרסטענס גענוצט אויף אַזאַ אופן, אַז דער אונטערשטער זייט בלייבט אימער פאַרדעקט. ווען איינער, צום בײשפּיעל, קויפט אַ „לעדערנע״ זאַפּע, איז איהם שווער אַריינצוקריכען אינעווייניג און באַטראַכטען די אונטערשטע זייט פון די „לעדער״.

מען מוז אָבער צוגעבען, אַז אויב דער אונטערשלאַק איז אַ שטאַרקער און עס ווערט באַדעקט מיט גוטען מאַטעריאַל, איז די נאָכגעמאַכטע לעדער פאַר פיעלע צוועקען פיעל בעסער ווי ביליגע נאַטירליכע לעדער. עס איז שטאַרק און וועט זיך ניט ברעכען, ווי דאָס טרעפט זיך אָפט מיט דער ראַיעלער סחורה. אַלענפאַלס מוזען מיר זיך איינגעוואוינען צו ברויכען מעהר און מעהר נאָכגעמאַכטע לעדער, ווייל די פּראָדוקציאָן פון רויהע פעל קען מעהר ניט צופריעדען שטעלען דעם פאַרלאַנג פון דער לעדער־אינדוסטריע.

גענומען ארום, ער איז געזונד אויף אלע גלידער און דאָך ווייסט ער אָבער אַז ער איז ערנסט קראַנק. צו דעם קומט נאָך צו דאָס, וואָס קיין מעדיצין איז אייגענטליך צו דעם ניטאָ, נור ער דאַרף גוט עסען, גוט שלאָפען, האָבען פרישע לופט און רוהען. רוהען — מיינט ליגען אין בעט און טראַכטען. און טראַכטען, האָט ער גראָדע איבער וואָס: אין דער היים האָט ער אַ פאַמיליע, וואָס האָט ניט פון וואָס צו לעבען און נאָך אַזוינע פרעהליכע געדאַנקען. דערצו, ווען ער קומט נאָך אין סאַניטאַריום, וואו דער לעבען איז אַזוי אַנדערש ווי דער צו וועלכען ער איז צוגעוואוינט. אַ דיסציפּלין, וואָס ער וויל ניט ליידען און וואָס מאַכט אויף איהם אַן אויפרעגענדע ווירקונג. אין אַנדערע סאַניטאַריומס, ווייסט ער, אַז ער מוז טאָן ווי מען הייסט איהם, אויב ניט מוז ער איהם פאַרלאָזען. פון דעסטוועגען הערט מען אויך גאַנץ אָפט, אויסברוכען פון סקאַנדאַלען, וואו מען שיקט ארויס גאַנצע קאָמפּאַניעס פּאַציענטען מיט אַמאָל. אָבער ביי אונז, וואו ער איז אַליין אַ מעמבער און איז נאָך פּיליכט אַ נעכטיגער אָדער מאָרגעדיגער פאַרוואַלטער, נעהמט עס אָן אַן אַנדער כאַראַקטער. אמת, די ערשטע צייט ליגט קיינעם פון די נייע פּאַציענטען אין זינען ניט זיך צו מישען אין די פאַרוואַלטונגס אַנגעלעגענהייטען, אָבער ווען ער איז שוין דאָ אַ פּאָר מאָנאַט און ער הויבט שוין אָן צו קומען צו זיך, הערענדיג, אַז צווישען די פּאַציענטען טוט זיך און טומעלט זיך ווערט ער מיט דער צייט אויך בייז. ניט אַלע מאָל דאַרף ער אויך גאָר געהן זוכען טראָבעל, זעהר אָפט קומט עס גאָר צו איהם. אָט האָט זיך אַ נוירס דורכגערעדט מיט אַ דאָקטאָר און וויל, אַז די פּאַציענטען זאָלען מיט איהר סימפּאַטיזירען, אָדער פאַרקערט, האָט שוין אויך געטראָפען. אָט האָבען די ארבייטער א קריוודע געגען דער מייטראָן, אָדער אַ דאָקטאָר געגען מענעדזשער, אָדער סאַניטאַריום קאָמיטע, מען איז דאָך ניט מעהר ווי אייגענע מענשען. און גראָדע פרעגט דער סעקרעטער פון ברענטש אַז מען זאָל איהם אויסשרייבען ווי עס לעבט זיך אין סאַניטאַריום, צי די קאָמ. פאַרוואַלטעט גוט און נאָך אַזעלכע פראַגען. אַמאָל קומט גאָר אַן עקס פּאַציענט מיט אַן אינטערעסאַנטע מעשה'לע... מיט איין וואָרט — עס איז דאָ וואָס צו טאָן און ווער רעדט נאָך, אַז מען איז ניט קיין פאַרשלאָפענער נאָר אויך א יאבעדניק אין ברענטש — דאַן איז מען ווירקליך בייז. צו דעם דאַרף מען ניט פאַרגעסען, אַז אין יעדען ברענטש געפינען זיך אַזעלכע וואָס מען רופט געוועהנליך טומלער, און דער סאַניטאַריום קריגט פון זיי אויך זיין חלק.

## דיסציפּלין און די פּאַציענטען.

נאָך יעדען טומעל הערען מיר, אַז מען מוז איינפיהרען דיסציפּלין און אַז די פּאַציענטען טאָרען זיך ניט מישען אין דער פאַרוואַלטונג. דאָס איז אַלץ ריכטיג. אָבער באַטראַכט די אויבען אַנגעגעבענע פאַקטען; פרעגט זיך דעמאָלט אַליין: זיינען בלויז די פּאַציענטען שולדיג וואָס עס איז קיין דיסציפּלין ניטאָ אין סאַניטאַריום? עס איז אַ פאַקט, אַז זאָגאַר די קאָמיטעס, וואָס באַזוכען דעם סאַניטאַריום האַלטען זיך ניט אַלע מאָל אַזוי, אַז עס זאָל העלפען דעם דיסציפּלין. עס איז אַ פאַקט, אַז פיעל מאָל האָבען קאָמיטעס, ווען זיי האָבען באַזוכט דעם סאַניטאַריום, ניט נור געהאָלפען נור ג ע ש ט ע ר ט דעם דיסציפּלין פון סאַניטאַריום. עס איז אַ פאַקט, אַז יעדעס מאָל ווען די סאַנ. קאָמיטע האָט א סכסוך מיט אַ פּאַציענט, וועט דער ברענטש אימער פאַרטיידיגען דעם פּאַציענט ניט אַכטענדיג אויב ער איז גערעכט ניט, אָדער פיר די ווירקונג וואָס עס וועט מאַכען אויף דעם דיסציפּלין פון סאַניטאַריום.

די פּאַציענטען ווייסען עס, עס איז אַ פאַקט אַז אום צופריעדען צו שטעלען די פּאַציענטען, האָט מען ענטזאָגט א גוטען מענעדזשער, אַ גוטע נוירס, אַ גוטען, פּאַסענדען ארבייטער און אויך אַ קעכין. עס איז אַ פאַקט, אַז אין 1913 האָט דער דאָקטאָר אָרגאַניזירט דעם סטרייק פון די פּאַציענטען און אַנגעמאַכט דעם היסטאָרישען געשלעג, ניט קימערענדיג זיך פאַר דעם רעזולטאַט. פּונקט ווי יעצט, האָט דער אַססיסטענט דאָקטאָר אָרגאַניזירט דעם הונגער סטרייק צווישען די פּאַציענטען, ניט קימערענדיג זיך פיר דעם רעזולטאַט, און די סאַניטאַריום קאָמיטעס ווייסען עס, האָבען פאַר דעם מורא און ווילען עס אויסמיידען; דערפאַר לעזען מיר אין רעפּאָרט, וואו די סאַניטאַריום קאָמיטע זאָגט: „אַז גאַנץ אָפט מוזען מיר אפילו מיסברויכען פון אונזערע אַנגעשטעלטע פאַרשוויגען, כדי אָבצוהיטען דעם כבוד פון אונזער אָרגאַניזאַציאָן" און אין נעקסטען פּיידזש: „אַז מיר האָבען קיין שטאַרקערע שטעלונג ניט גענומען געגען די טומעל מאַכער פשוט צוליעב דעם כבוד פון ארבייטער רינג", דערפאַר מאַכט עס מעגליך, אַז א פּאַציענט פון דעטראָיט וויל ניט פאַרלאָזען דעם סאַניטאַריום ווען זיין טערמין ענדיגט זיך. און די סאַנ. קאָם. פּרובט מיט אַלע גוטע און ווירקענדע מיטלען און וויל איהם נאָך באַצאָהלען זיינע רייזע קאָסטען, אַבי ניט צו שטערען דעם כבוד פון ארבייטער רינג. דאָס מאַכט אויך מעגליך אַז דער פּעטערסאָנער פּאַציענט זאָל נאָכדעם, ווי ער האָט צובראָכען אַלע רעגעלען פון סאַניטאַריום, זיך אויסגעלאַכט, און „געבלעקמיילט" די קאָמיטע פונדעסטוועגען, דאָך בלייבען אין סאַניטאַריום, ווייל זיין ברענטש האָט עס פאַרלאַנגט. נו, פרעגט זיך: קען מען ריידען פון דיסציפּלין און אָרדנונג? ניין, אונטער די אומשטענדען קען דער סאַניטאַריום ניט זיין אַנדערש ווי דאָס וואָס ער איז. און שולדיג, זיינען ניט קיינע איינציגע, נור אַלע צוזאַמען: די פּאַציענטען, אַזוי ווי די סאַניטאַריום קאָמ. אַזוי ווי די ברענטשעס און דער גאַנצער א. ר.

## די רפואה צו דער מכה:

צו שרייען דיסציפּלין און מאַכען נייע געזעצען האָט קיין זין נישט, אַזוי לאַנג ווי עס איז ניטאָ ווער עס זאָל עס אויספיהרען. מיר האָבען שוין גענוג אַזעלכע געזעצען און מאַנכע זיינען פון צייט צו צייט אויסגעפיהרט געוואָרען אויך. דער איינציגער מיטעל וואָס וועט פּיליכט העלפען איז ערשטענס, אַז אַלע, אַלע קאָמיטעס, ווי אויך ברענטשעס זאָלען איין מאָל פאַר אַלע מאָל באַשליסען זיך נ י ט צו מישען אין די סאַניטאַריום פראַגען, נור עס אין גאַנצען איבערצולאָזען צו דער סאַניטאַריום קאָמיטע, צוזאַמען מיט דער מעדיקאַל אַדווייזערי באָארד.

מיר מוזען אויך באַשליסען צו ערוועהלען אַ סאַניטאַריום קאָמיטע אַמווייניגסטען אויף דריי ביז פינף יאָהר יעדען און זעהן, אַז זיי זאָלען זיך ניט בייטען מיט אַמאָל, נור איינציגווייז. דאַן איז מעגליך, אַז אַזאַ קאָמ. וואָס וועט זיין זיכער, אַז זי האָט אונטער זיך דעם גאַנצען אָרדען, וועט אויך האָבען דעם מוט איינצופיהרען אַזאַ אָרדנונג, וואָס וועט ווירקליך גוט טאָן דעם גאַנצען סאַניטאַריום, די פּאַציענטען, ווי אויך די ממעבערס.

און דאָס וועט ערשט זיין אַ כבוד פאַר דעם גאַנצען אַרבייטער רינג.

---

....אַז איהר רעדט יעצט מיט אייער פריינד וועגען ארויסגעהן אַלס מעמבער אין א. ר. פאַרגעסט איהם נישט צו דערצעהלען וועגען דער טויזענד דאָלאַר פּאָליסי און איהר זיכערהייט, ווי די דריי הונדערט און פינף און זעכציג טעג אין יאָהר.

* * *

ניין, סאָציאַליזם מיינט נישט קיין נ'קמה פון די קאַפּיטאַליסטען. עס איז גיכער די נ ח ט ה פון אַרבייטער־קלאַס און אַ ל ע מ ע נ ס באַפרייאונג.

* * *

דעבס זיצט נאָך אַלץ אין תפיסה און בוירלסאָן נאָך אַלץ אין פּאָסט־אָפיס...

* * *

„איהר אַרבייט צו ווענינ און איהר פרעסט צו פיעל" — ערלויבען זיך די מאַגנאַטען צו מוסר'ן דעם אַרבייטער־קלאַס. נישטאָ ווער עס זאָל לאַכען!..

* * *

א גוטער א. ר. מעמבער איז אויך אַ פיהלענדער איד, וואָס פאַרגעסט קיין איין מינוט נישט, אַז אויף יענער זייט קומט אום אין יסורים און הונגער אַ העלפט פון אונזער פאָלק.

---

יואל י. לעוויט.

# דער טויליכער מאָרגען

(נאָך א. טענעסאָן)

א טויליכער מאָרגען אין גאָרטען,
א רויז האָט פאַרלאָרען א טרער.
א שניי־ווייסע רויז האָט מיט ביינקשאַפט
געבליקט צו א נעסט'עלע, לער!
די „שטרוים" האָט געטרייסט: „זי וועט קומען".
די ליליע ט'געדאכט „ס'וועט זיין שפעט"!
די בוימער געדרוישפול זיי האָבען —
פון פרילינג, פון האָפנונג גערעדט!...

אָט קומט אָן מיין שוואַלב די געטרייע,
אָט קומט אָן מיין גליק, וואָס מיר שיינט,
פון לופטיגען עטער דעם בלאָען —
פון טרוימלאַנד קומט אָן שוין מיין פריינד!
כ'וועל שטילען מיין לוסט מיט געזאַנגען,
די בליט'עלעך פאַרבען אין רויט:
מיין האַרץ, פול מיט ליבעס־פאַרלאַנגען —
וועט זיין אָך, געוויס נאָך מיין טויט!...

# אַ אידישער קאָאָפּעראַטיווער טעאַטער

אהרן סטאָלינסקי

ביי אונז אידען איז נאָך אַלץ פאַרשפּרייט דער געדאַנק, אַז קאָאָפּעראַציע דאַרף זיך פאַרנעמען מיט בוטשער סטאָרס, בעקערייען, גראָסעריס און עהנליכע אַרטיקלען; אַז קאָאָפּעראַציע דאַרף און קען זיך אויך פאַרנעמען מיט העכערע ענינים, גלויבען גאַנץ ווייניג פּערזאָנען ביי אונז. עס וועט דעריבער אויסקומען גאַנץ מאָדנע ביי פיעלע לעזער פון „פריינד" צו לעזען אונזער בשורה, אַז אין ניו יאָרק האָט זיך איצט געגרינדעט אַ אידישער קאָאָפּעראַטיווער טעאַטער.

אַז קאָאָפּעראַציע קען און, דאַרף זיך אויך פאַרנעמען מיט רוחניות'דיגע ענינים, באַווייזען אונז קלאָר די אייראָפּעאישע קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען. אַלס אַ מוסטער פון די אייראָפּעאישע קאָאָפּעראַציעס וועט דאָ זיין גענוג צו דערמאָנען די בעלגישע קאָאָפּעראַטיווען. די מוסטערהאַפטע בעלגישע קאָאָפּעראַציעס האָבען אַזאַ געוואַלטיגען ערפאָלג צווישען די אַרבייטער מאַסען הויפּטזעכליך צוליעב דעם, וואָס באַלד אין אָנפאַנג פון זייער גרינדונג האָבען זיי זיך פאַרנומען אין אַ גאַנץ אַנדערער ריכטונג, ווי דאָס רוב קאָאָפּעראַציעס זיינען געוואוינט צו געהן. זיי האָבען באַלד אין אָנפאַנג פאַרשפּרייט דעם געדאַנק, אַז קאָאָפּעראַציע מיינט ניט בלויז מסחרים אין דאָלאַרס און סענטען, נאָר אַ נייע געזעלשאַפטליכע באַוועגונג — אַ באַוועגונג וואָס וויל אַרומנעמען אונזער גאַנצען סאָציאַלען לעבען.

אָבער די בעלגישע קאָאָפּעראַטאָרס האָבען ניט בלויז פּראָפּאַגאַנדירט דעם דאָזיגען געדאַנק, נאָר זיי האָבען איהם אויך פּ ר אַ ק ט י צ י ר ט. און אַ דאַנק דעם זיינען איצט די בעלגישע קאָאָפּעראַציעס אַזוי שטאַרק איינגעבאַקען אין האַרצען פון יעדען ראַדיקאַלען אַרבייטער. בעלגיען האָט איצט אייגענע קאָאָפּעראַטיווע טעאַטערען, קונסט אויסשטעלונגען, מוזיק־און טאַנץ־זאַאַלען, פּאָפּולערע קורסען א. ז.*) וו. די בעלגישע קאָאָפּעראַטאָרס באַשטימען יעדען סעזאָן דעם רעפּערטואַר פאַר זייערע טעאַטערען.

אָבער בעלגיען איז ניט קיין אויסנאַהם. עהנליכעס זעהען מיר אויך אין דייטשלאַנד, רוסלאַנד און אין ענגלאַנד. אָבער נאָך וואָס געהן נאָך אייראָפּא, אַז מיר קענען ברענגען ביישפּיעלען פון די פאַראייניגטע שטאַאַטען. די היגע פינישע קאָאָפּעראַציעס גיבען אַוועק אַ היבשען טייל פון זייערע פּראָפיטען אויף פאַרשיעדענע פאַרוויילונגען. אַזוי, למשל, האָבען זיי אייגענע אַמיוזמענט פּאַרקס, מוזיק האָלס און אַ גאַנצע רייהע פאַרשיעדענע אונטערהאַלטונגען. עהנליכעס קען מען אויך געפינען ביי די היגע סקאַטישע קאָאָפּעראַציעס.

די טוערס פון קאָאָפּעראַטיווען טעאַטער זיינען גוט באַקאַנט די ניו יאָרקער אַרבייטער רינג מיטגליעדער. דאָס זיינען די מיטגליעדער פון דער „פרייער אידישער פאָלקס ביהנע" (ברענטש 555), וועלכע האָבען אויף זיך גענומען, די איניציאַטיווע דעם פּלאַן דורכצופיהרען. אין דער אמת'ן האָט אָבער דער קאָאָפּעראַטיווער טעאַטער גאַר ניט צו טאָן מיט דער פרייער אידישער פאָלקס ביהנע. דאָס זיינען צוויי באַזונדערע געזעלשאַפטען. דאָס איז נויטיג צו וויסען, כדי עס זאָל ניט אַרויסקומען קיינע מיספאַרשטענדניסע. די נייע געזעלשאַפט האָט שוין אַרויסגענומען אַ טשאַרטער אונטער דעם נאָמען: „די אידישע ביהנע." דאָס וועט אויך זיין דער נאָמען פונ'ם טעאַטער.

דער פּלאַן איז ווי פאָלגט: די געזעלשאַפט האָט אַרויסגעלאָזט פאַר 25 טויזענד דאָלאַר שערס. ווי באַלד די דאָזיגע סומע וועט געשאַפען ווערען, וועט די געזעלשאַפט צוטרעטען צו דער בויאונג פון אַ קליינעם קונסט טעאַטער. אין דעם טשאַרטער פון דער אידישער ביהנע זאָגט זיך בפירוש: „די געזעלשאַפט האָט אַ רעכט צו בויען אַן אייגענעם טעאַטער, אָדער טעאַטערען, אָפּצוקויפען אָדער איבערצובויען טעאַטערען." דער טעאַטער וועט פאַרוואַלטעט ווערען פון די מיטגליעדער, דאָס הייסט פון די שער האָלדערס. פאַר יעדען סעזאָן וועלען די מיטגליעדער דאַרפען באַשטימען, וועלכע פּיעסען עס זאָלען געשפּיעלט ווערען.

קיין גרויסע פּראָפיטען וועט די געזעלשאַפט ניט מאַכען. איינער פון איהרע הויפּט-ציעלען איז: צו געבען אַ געלעגענהייט די ברייטע אידישע פאָלקסמאַסען צו זעהן אַ גוטע פּיעסע פאַר אַ מעגליך ביליגען פּרייז. דאָס ביסעל ריוח וואָס וועט זיך איבערבלייבען וועט פאַנאַנדערגעטיילט ווערען אויף אַ רעזערוו פאָנד, פאַר אַ דראַמאַטישע שולע, פאַר אַ קאָאָפּעראַטיווען פאַרלאַג, אויף אַרויסצוגעבען גוטע דראַמאַס, אָריגינעלע און איבערזעצונגען, און איין פּראָצענט וועט אויך געהן פאַר דער פעדעראַציע פון אידישע קאָאָפּעראַטיווען אין אַמעריקאַ. די קאָנסטיטוציע ווערט איצט באַאַרבייט און אין גיכען וועט די געזעלשאַפט זיין אימשטאַנד באַקאַנט צו מאַכען אַלע איינצעלהייטען.

די הויפּט אויפגאַבע פון דער געזעלשאַפט איז: אויפצופיהרען גוטע ליטעראַרישע פּיעסען; אַרויסברענגען קינסטלעריש די שענע זייטען פון אמת'ע קונסט ווערק; ענטוויקלען דעם געשמאַק פון די ברייטע פאָלקסמאַסען; ציִיגען אונזערע טעאַטער מענעדזשערס, אַז די אידישע מאַסען ווייסען ווי אָפּצושאַצען אַן אמת'ע קונסט ווערק, און, הויפּטזעכליך, געבען אַ געלעגענהייט באַגאַבטע פּערזאָנען צו ענטוויקלען זייער טאַלאַנט אויף דעם דראַמאַטישען געביט.

כדי דורכצופיהרען די לעצטע דערמאָנטע אויפגאַבע, וועט די געזעלשאַפט האָבען אַן אייגענע דראַמאַטישע שולע, וועלכע וועט פאַרברייטען יונגע לייט און פרויען פאַר דער ביהנע, און אויך געבען אַן אונטעררעכט אין דעקלאַמאַציע, רעציטאַציע א. ד. גל.

דאָס וועט זיין דער איינציגער טעאַטער ביי אידען, וואָס וועט זיך ניט יאָגען נאָך פּראָפיטען, אָדער נאָך פולע הייזער. די אידישע ביהנע וועט זיך ניט מיהען צוצופּאַסען צום בילויגען געשמאַק פון די מאַסען. דאָס וועט זיין אַ טעאַטער לשם קונסט, און ניט צוליעב קיין אַנדערע אַבזיכטען, דאָס וועט זיין אַן ערציהונגס פּלאַץ פאַר די אידישע פאָלקס־מאַסען, אין פולען זינען פון וואָרט.

עס איז אמת, דאָס פאַר די לעצטע צייט האָבען זיך אין איניגע אידישע טעאַטערען גענומען אויפפיהרען בעסערע פּיעסען. די אויסשטאַטונג און דער אַנסאַמבל ווערט אויך שוין גענומען אין אַנבאַטראַכט. אָבער קיינער קען אונז ניט געבען קיין גאַראַנטיע, אַז די טעאַטער באַלעבאָטים וועלען לאַנג אַנגעהן מיט זייערע קונסט פאַרשטעלונגען. ווי נאָר זייערע קאַסע וועלען זיך ניט גענוג אָנפּילען, וועלען זיי זיכער גלייך ענדערען זייער פּראָגראַם. אַ טעאַטער געגרינדעט אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות, וואו די מיטגליעדער, די טעאַטער באַזוכער, זיינען די הויפּט־דעה זאָגערס, דאַרפען אַליין באַשטימען דעם רעפּערטואַר, דאָרט, אין אַזאַ טעאַטער, קען קיין ענדערונג אין באַצוג צו דער ערנסטקייט פון פּראָגראַם ניט פאָרקומען.

עס איז אַ פאַקט, דאָס אַ דאַנק דער „פרייער אידישער

*) אַן אויספיהרליכע באַשרייבונג פון די בעלגישע קאָאָפּעראַציעס וועלען די לעזער קענען געפינען אין פריינד א. סטאָלינסקי'ס בוך, „די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג", וועלכען די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע פון א. ר. גיט יעצט אַרויס.—די. רעד.

פאָלקס־ביהנע" און אנדערע אמאַטאָרסקע טרופּען, האָט אונזער בלוט־אָרעמע טעאַטער וועלטעל צוגעקראַגען א היבש ביסעל פרישע בלוט אין איהרע בלאָע אדערען. מיר מוזען האָבען אן אָרט, אן אינסטיטוציע, פון וועלכער נייע, יונגע, פול־בלוטיגע קרעפטען זאלען קענען קומען צום פארשיין. מיר ווילען האָבען לעבעדיגע, באַוועגליכע אַקטיאָרען, און ניט קיין פארגליווערטע סטאַרס. קורץ: מיר מוזען האָבען א שולע פאר נייע אידישע אַקטיאָרען.

און ווען מיר וועלען האָבען אן אמת'ן קונסט טעאַטער, וועלען מיר אויך האָבען גוטע דראַמען שרייבער — דראַמאַטורגען, וועלכע זאָלען זיך ניט דארפען צוערשט בעראַטען מיט די טעאַטער מענעדזשערס, וואָס זיי זאָלען שרייבען...

די אידישע ביהנע וועט זיין אָנגעשלאָסען אָן דער פעדעראַציע פון אידישע קאָאָפּעראַטיווען אין אמעריקא, וועלכעס וועט זיין א גוטע גאַראַנטיע, אז די געזעלשאַפט פיהרט איהר טעאַטער אויף אמת קאָאָפּעראַטיווע יסודות.

די טוער און טאָן־געבער און זאָגאַר די מאַיאָריטעט שערהאָלדערס פון דער אונטערנעמונג זיינען א. ר. מיטגליעדער.

# די ערשטע טריט צו עפענען א שול

פון ל. בעקין.

ווי צו עפענען און אָנפיהרען אן אַרבייטער רינג שול.

1) יעדע שטאָט אָדער שטעטעל, וואָס האָט אפילו נאָר איין ארבייטער רינג ברענטש, קאָן עפענען א אידישע ארבייטער רינג שול.

2) עפענען א שול אין א פּלאַץ, וואו מען קאָן ערוואַרטען ווענינער, ווי 50 קינדער, איז זעהר ריזיקאַליש. די צאָהל קינדער אויף איין לעהרער דארף זיין 90 — 100, אָבער אויך ווען עס איז פאראַן ווייניגער (50 — 90) קאָן מען עפענען א שול, אָבער דאָרטען וועלען די קינדער דארפען צאָהלען א גרעסערען שכר־לימוד.

3) ווען די מיטגלידער פון ארבייטער רינג פון א געוויסער שטאָט ווילען, מען זאָל דאָרט עפענען א שול, דארפען זיי זעהן, אז עס זאָל ביי זיי אין שטאָט פאררופען ווערען א קאָנפערענץ פון די ברענטשעס, אָדער א געמיינשאפטליכע זיצונג פון די ברענטשעס, אויב אזעלכע זיינען פאראַנען ניט פיעל, אָדער א ספּעציעלע פארזאמלונג פון דעם ברענטש, אויב עס איז פאראַן נאָר איין ברענטש אין שטאָט. די קאָנפערענץ אָדער די פארזאמלונג דארף ערוועהלען א טיכטיגען פארוואלטונגס־קאָמיטעט, וועלכער דארף האָבען די פליכט אונטערצונעמען צו טאָן אַלץ וואָס נויטיג, אז די שול זאָל זיך עפענען און דערנאָך פארוואלטען די שול ביז דער צווייטער קאָנפערענץ אָדער פארזאמלונג דאָס נעקסטע יאָהר.

4) ווען א פארוואלטונגס־קאָמיטעט איז ערוועהלט, דארף ער זיך ווענדען צום בילדונגס קאָמיטעט פון ארבייטער רינג און אָנגעבעטען אַלע אינפאָרמאציעס וועגען דעם, וואָס עס איז שוין געטאָן געוואָרען פאר דער שול אין זייער שטאָט. דער בילדונגס־קאָמיטעט וועט זיי ארויסשיקען די אַלע נויטיגע אינפאָרמאַציעס וועגען עפענען א שול און וועט זיי רעקאָמענדירען א לעהרער. ער וועט זיי אויך אסיגנירען א געוויסע סומע געלד צו העלפען עפענען די שול, אויב זיי וועלען זיך נויטיגען אין אזא הילף.

5) דער נאמען פון דער שול דארף זיין: „אידישע ארבייטער רינג שול". עס קאָן אָבער צו דעם נאָך צוגעגעבען ווערען דער נאמען פון דער שטאָט, דער נאמען פון א אידישען שרייבער, א. ד. גל. ווי למשל, הארלעמער ארבייטער רינג שול; שלום עליכם ארבייטער רינג שול, א. ד. גל.

6) כדי צו עפענען א שול איז פריהער פאר אַלץ נויטיג צו געפינען א דירה פאר איהר. די דירה דארף האָבען ווענינסטענס איין גרויס באַקוועם קלאַס־צימער, וואו עס זאָל זיין פּלאַץ פאר א 35 — 40 קינדער; א צימער, וואו די קינדער זאָלען קאָנען ווארטען, איידער זיי געהען אריין אין קלאַס, און אן אָפיס. עס איז ווינשענסווערט, די שול זאָל פארמאָגען אן אָדיטאָריום, וואו אַלע קינדער זאָלען קאָנען זיך פארזאמלען, למשל, ביי אן אונטערנעמונג, ביים זינגען, א. ד .גל. דאָ וואו אזא אדיטאָריום איז ניט פאראַן, איז ווינשענסווערט איינצוארדנען דאָס קלאַס־צימער און דאָס ווארט־צימער אזוי, אז זיי זאָלען זיין אָפּגעצוימט מיט באַוועגליכע טירען און מען זאָל זיי אין א נוים קאָנען פאראייניגען.

7) עס איז ווינשענסווערט, אז יעדעס קינד זאָל צוערשט לערנען בלויז דריי מאָל א וואָך, אזוי אז יעדער לעהרער זאָל קאָנען האָבען פיער קלאַסען און ווען נויטיג — אפילו פינף אָדער זעקס (אין לעצטען פאַל וועט איהם אויסקומען צו לערנען מיט דריי גרופּעס א טאָג: פון 3.45 — 5; פון 5 — 6:30 און פון 6.30 — 8).

8) עס איז אומבאַדינגט נויטיג צו נעמען שכר־לימוד ביי יעדען קינד. לויט ווי די ערפאהרונג האָט באַוויזען, איז די סומע פון 1.50 דאָלער פאר א קינד פאר דריי מאָל אין וואָך לערנען נאָך צו קליין, אז די שול זאָל זיך קאָנען באַצאָהלען אָהן גרויסע דעפיציטען. מען דארף דאריבער ניט עפענען די שול מיט א קלענערען שכר־לימוד. וואו עס איז מעגליך גלייך צו באַשטימען דעם שכר־לימוד אויף צוויי דאָלער א מאָנאט פאר דאָס ערשטע קינד און אָנדערטהאַלבען פאר יעדעס ווייטערדיגע קינד פון דיזעלבינע עלטערען, דארף מען דאָס טאָן.

9) אין שול קאָנען אריינגענומען ווערען קינדער אויך ניט פון ארבייטער רינג מיטגלידער. אין דעם פאַל קאָן מען אָדער נעמען דעם זעלבען שכר־לימוד וואָס פאר קינדער פון א. ר. מיטגלידער, אָדער רעכענען פאר אזעלכע קינדער דעם שכר־לימוד 1.50 דאָל. אָדער 2 דאָלער א מאָנאט — ניט מאַכענדיג קיין פארלייכטערונג ווי פאר קינדער פון א. ר. מיטגלידער, וואָס גיבען אריין מעהר ווי איין קינד.

10) מען קאָן ארום דער שול אָרגאַניזירען א פאראיין פון די עלטערן פון די קינדער און פון אנדערע מיטגלידער פון א. ר. יעדער מיטגליד פון פאראיין דארף איינצאָהלען פון 1 דאָל. ביז 3 דאָל. א יאָהר אָדער מעהר. דער שול־פאראיין דארף העלפען דער שול אין איהרע אונטערנעמונגען און קאָן שיקען זיינע פארטרעטער — איינעם אָדער מעהר — אין דעם פארוואלטונגס־קאָמיטעט פון דער שול. צוליעב דעם זעלבען צוועק קאָן מען אויך אָרגאַניזירען א ספּעציעלען פרויען הילפס־פאראיין.

11) עס איז ווינשענסווערט אז אַלע מיטגלידער פון די ברענטשעס פון דער באַטרעפענדער שטאָט זאָלען זיך באַשטייערען מיט א ספּעציעלען שטייער פאר דער שול אָדער ווערען מיטגלידער פון דעם שול־פאראיין.

12) די פארוואלטונג פון דער שול דארף אַלע דריי מאָנאטען צושיקען צום בילדונגס־קאָמיטעט פון א. ר. א גענויעם פינאַנציעלען באַריכט צוזאמען מיט א באַריכט פון די לימודים אין דער שול.

ווען מיטגלידער פון ארבייטער רינג אָדער ברענטשעס באַשליסען צו גרינדען אן ארבייטער רינג שול אין זייער שטאָט און זיי ווענדען זיך צו דעם בילדונגס קאָמיטעט (עדיוקיישיאָנאַל קאָמיטע) נאָך אינפאָרמאַציע, אָדער נאָך שטיצע, אָדער נאָך א לעהרער, דארפען זיי אזוי גוט זיין און אריינשיקען צום סעקרעטער פון דעם קאָמיטעט ענטפערס אויף פאָלגענדע פראַגען:

1) וויפיעל ברענטשעס זיינען פאראַן אין אייער שטאָט? מיט וויפיעל מיטגלידער? — — — — — — — —

2) וויפיעל ברענטשעס האָבען באַשלאָסען צו גרינדען און

# זיצונגען פון דער נאציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע א. ר.

א ספּעשעל מיטינג פון דער נאצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע פון ארב. רינג ווערט אפּגעהאַלטען מיטוואָך אבענד, דעם 30טען יולי, מיט פריינד אב. עפּשטיין אלס טשערמאַן.

פר. ל. ראטהמאַן, וויס־טשערמאַן פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע, ערקלערט, אז דיזער ספּעשעל מיטינג איז גערופען געוואָרען, אום צו באַקענען די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע מיט דעם וואָס איז לעצטענס פאָרגעקומען אין סאַניטאַריום.

פר. ראטהמאַן רעפּאָרטעט, אז דער שאָפער, פאָהרענדיג אין ווילעדזש, האָט אויפ'ן וועג געוואָלט אויפנעהמען א פרוי מיט אַ קינד פון מרס. סייקין'ס פאַרם. פּאַציענטען, וועלכע זיינען געזעסען אין אויטאָמאָביל, האָבען זיך אריינגעמישט און ניט געלאָזט אויפנעהמען די פרוי מיט'ן קינד. די פּאַציענטען זיינען אַליין אַוועקגעפאָהרען מיט'ן אויטאָמאָביל, לאָזענדיג דעם שאָפער אויפ'ן וועג. פר. ראטהמאַן זאָגט, אז דאָס איז בלויז איינער פון די אינצידענטען, וועלכער צייגט, אז די פּאַציענטען מישען זיך אריין אין זאַכען, וואָס האָבען מיט זיי קיין שייכות ניט. אויב די פּאַציענטען האָבען עטוואָס אויסצוזעצען געגען דער האַנדלונג פון דעם אדער יענעם אַנגעשטעלטען, דאַרפען זיי דאָס איבערגעבען צום דאָקטאָר אדער צו דער סאַניטאַריום קאָמיטע, אבער זיי דאַרפען אַליין ניט נעהמען קיין שטעלונג אין אדמיניסטראַטיווע אנגעלעגענהייטען. ווען פר. פּערלאָוויץ און ער, צוזאַמען מיט נאָך א מיטגליעד פון דער עקזעקוטיוו זיינען זונטאָג פריה געווען אין די „לען־טום" אויסגעפינען איינצעלהייטען וועגען דעם אינצידענט, האָבען די פּאַציענטען אויף קיין זאַך זיך ניט באַקלאָגט פאַר זיי.

ער באַריכטעט, אז זונטאָג, דעם 27טען יולי, זיינען בלויז 24 פּאַציענטען געקומען צו ברעקפעסט. די איבריגע פּאַציענטען זיינען אין עס־צימער אין גאַנצען ניט אַרונטערגעקומען. פריינד פּערלאָוויץ און ער, וועלכע זיינען געווען אַלס קאָמיטע אין סאַניטאַריום, האָבען געפרעגט וואָס ס'קומט דאָרט פאָר, און מען האָט זיי געענטפערט, אז די פּאַציענטען ענטזאָגען זיך אַרונטערצוקומען עסען. שפּעטער האָבען די פּאַציענטען געהאַט א מיטינג און איינער האָט געמאַכט א פאָרשלאַג, ארויסצוטרייבען די פאָרטרעטער פון דעם סאַניטאַריום קאָמיטע און די פּאַציענטען אַליין זאָלען איבערנעהמען די פאַרוואַלטונג פון סאַניטאַריום. ער זאָגט, אז די פּאַציענטען האָבען זיך צו די פאָרטרעטער פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע מיט קיין זאַך ניט געווענדעט און האָבען קיינע טענות ניט פאָרגעלייגט.

א קאָמיטע פון בר. 13, פּעטערסאָן, איז יענעם זונטאָג געקומען אין סאַניטאַריום אונטערזוכען די קלאַגען וואָס ווערען געמאַכט בנוגע דעם אנשטאַלט. אייניגע פּאַציענטען האָבען ארומגערינגעלט די קאָמיטע פון בר. 13 אזוי שנעל, ווי זיי זיינען געקומען אין סאַניטאַריום און פאַר זיי פאָרגעלעגט אַלע קלאַגעס און טענות. זונטאָג צו מיטאָג זיינען געקומען 12 פּאַציענטען, נאָר די ווייטערס האָבען זיך ענטזאָגט צו סערווירען, ערקלערענדיג אז זיי זיינען אין סימפּאַטיע מיט די פּאַציענטען. דר. ראָזענבערג האָט די ווייטערס ענטזאָגט. זונטאָג אבענד האָבען פּאַציענטען מיט געוואַלד גענומען א קאַן מילך. דר. ראָזענבערג, דער פריהערדיגער מעדיקאַל דירעקטאָר און סופּעראינטענדענט האָט דאָס פאַרווערט, ערקלערענדיג, אז מאָלצייט איז פאַר די פּאַציענטען צוגעגרייט געוואָרען און זיי קענען אַלע געהן עסען. די פּאַציענטען האָבען זיך ענטזאָגט נאָכצוקומען די פאַראָרדנונג פון דאָקטאָר; מאָנטאָג האָבען די פּאַציענטען ערקלערט, אז אויב מען וועט צוריקצונעהמען די צוויי ווייטערס און אראַנזשירען, אז די 10 לאָיאַלע פּאַציענטען זאָלען עסען באַזונדער, ניט צוזאַמען מיט די איבריגע פּאַציענטען, וועלען זיי אַרונטערקומען עסען. דער דאָקטאָר האָט זיך ענטזאָגט נאָכצוקומען דיזען פאַרלאַנג פון די פּאַציענטען.

מאָנטאָג אבענד, דעם 28טען יולי, איז פּאַציענט גאָלדבערג, מעמבער פון בר. 305, געקומען אין ניו יאָרק צו דעם ספּעשעל מיטינג פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע און ערקלערט, דאָס ער איז געשיקט געוואָרען אלס פאָרטרעטער פון די פּאַציענטען. אלס באַוויז האָט ער צוגעשטעלט א קרעדענשיל מיט דעם זיעגעל פון דער סאַניטאַריום לייברערי. די סאַניטאַריום קאָמיטע האָט איהם אויסגעהערט, אבער שפּעטער האָט זיך ארויסגעוויזען, אז ער איז פון די פּאַציענטען קיינמאָל ניט ערוועהלט געוואָרען צו רעדען אין זייער נאָמען ביי דעם מיטינג פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע.

פר. ראטהמאַן איז מיט דער מיינונג, אז מאַנכע פּאַציענטען האָבען עקסטרא „פאַבריצירט" דיזען סכסוך אין דער צייט, ווען די קאָמיטע פון בר. 13, פּעטערסאָן, איז געקומען אונטערזוכען די קלאַגען געגען סאַניטאַריום. פר. ראטהמאַן ערקלערט, אז א גרופּע פּאַציענטען האָבען טעראָריזירט די איבריגע פּאַציענטען און זיי געצוואונגען צו האַנדלען, ווי מען האָט זיי באַפוילען. אלס ביישפּיעל דערמאָנט ער וועגען פאָלגענדען פאַקט: א געוויסער פּאַציענט האָט זיך באַקלאָגט, אז פרעמדע פּערזאָנען (אויטסיידער) קומען אין סאַניטאַריום נעהמען בעדער, און דאָס איז געגען די רולס פון היגיענע. פאַר דיזען פאַרברעכען האָבען איהם די פּאַציענטען באַשטראָפט, דאָס ער זאָל באַצאָהלען דריי דאָלאַר פאַר'ן רעליעף.

פר. ראטהמאַן ערקלערט, אז בר. 805 פון פילאַדעלפיא האָט געזאָלט פאַררופען א קאָנפערענץ פון די אָרטיגע בראַנטשעס צו פאַרהאַנדלען וועגען סאַניטאַריום פראַגען, און די סאַניטאַריום קאָמיטע האָט איינגעוויליגט צו זיין דאָרט פאָרטראָטען. עס האָט זיך אבער ארויסגעצייגט, אז אנשטאַט א קאָנפערענץ רופען זיי א געמיינשאַפטליכען מיטינג פון א. ר. מעמבערס אין פילאַדעלפיא. די סאַניטאַריום קאָמיטע האָט דאַן געענטפערט בר. 305, אז אין פּרינציפּ איז ניטאָ וואָס אויסצוזעצען געגען א געמיינשאַפטליכען מיטינג, אבער פּראַקטיש וועט אזא מיטינג ניט ברענגען די רעזולטאַטען, וועלכע בר. 305 באַצוועקט. אויב די פראַגע וועגען סאַניטאַריום איז אין פילאַדעלפיא ארויסגערופען געוואָרען, — ס'מאַכט ניט אויס צי פון אייניגע מעמבערס צי פון אייניגע בראַנטשעס, — איז ווינשענסווערט, אז אַלע בראַנטשעס פון פילאַדעלפיא זאָלען האָבען א גענויעם באַגריף וועגען דעם וואָס עס איז פאָרגעקומען און וואָס עס קומט איצט פאָר אין סאַניטאַריום. צו א געמיינשאַפטליכען מיטינג, ווי די ערפאַהרונג האָט געצייגט, קומען בלויז מיטגליעדער, וועמען די באַטרעפענדע פראַגע אינטערעסירט און די ברייטע מיטגליעדערשאַפט איז נאָכהער אזוי ווייניג באַקאַנט מיט די פאַקטען, ווי פריהער. פאַרקערט, ביי א קאָנפערענץ זיינען פאַראַן פאָרטרעטער פון אַלע אדער כמעט אַלע בראַנטשעס. דיזע פאָרטרעטער באַריכטען דאַן צו זייערע ארגאַניזאַציאָנען און אויף אזא אופן ווערט די פראַגע געבראַכט צו אַלע מעמבערס, זאָגאַר צו די, וואָס וואָלטען געוועהנליך צו א געמיינשאַפטליכען מיטינג ניט געקומען. די סאַניטאַריום קאָמיטע האָט דאַרום באַאויפטראַגט די דיסטריקט קאָמיטע פון פילאַדעלפיא צו רופען אזא קאָנפערענץ.

---

פר. פּערלאָוויץ זאָגט, אז מאַנכע פּאַציענטען האָבען לעצטענס זיך אויפגעפיהרט אזוי, וואָס איז געגען דער דיסציפּלין פון איר־גענד וועלכען אינסטיטושאָן. אזוי, צום ביישפּיעל, איז א געוויסער פּאַציענט אהיים געפאָהרען אויף א וויזיט אויף עטליכע טעג און איז צוריקגעקומען נאָך דער צייט וואָס דער דאָקטאָר האָט איהם ערלויבט. אנדערע פּאַציענטען פלעגען שפּיעלען אין קאָרטען ביז 1—2 א זייגער פאַרטאָג. ער גלויבט, אז פּאַציענטען, וועלכע ברעכען די רולס פון סאַניטאַריום דאַרפען ארויסגעשיקט ווערען, ווייל אויב יעדער פּאַציענט וועט זיך אויפפיהרען ווי איהם געפעלט און ווי איהם גלוסט זיך, ניט לויט די רולס אויסגעאַרבייט פון די דאָקטוירים, וועט דער סאַניטאַריום ניט האָבען די ווירקונג אויף דעם געזונד פון די פּאַציענטען, וואָס ער דאַרף האָבען.

פר. פּערלאָוויץ דייטעט אָן, אז א געוויסער פּאַציענט האָט געשריבען צו זיין בראַנטש, אז אייניגע פּאַציענטען האָבען אָרגאַניזירט דעם סטרייק ניט צו קומען עסען זונטאָג. אייניגע פּאַציענטען האָבען זונטאָג, ווען זיי האָבען זיך ענטזאָגט צו עסען, געוואָלט פאָהרען אין ווילעדזש קויפען סענדוויטשעס. דער דאָקטאָר האָט זיי ערקלערט, אז זיי קענען אויפ'ן פּלאַץ קריגען עסען וואָס זיי ווילען, זיי קענען אבער דעם סאַניטאַריום ניט פאַרלאָזען. די פּאַציענטען האָבען געענטפערט, אז אויב מען וויל, קען מען זיי אין גאַנצען ארויסשיקען.

---

צו שטיצען די שול? — — — — אין וואָס וועט באַשטעהן זייער שטיצע? — — — —

3) האָט איהר שוין אָנגעהויבען צו רעגיסטרירען קינדער? — — — אויב יא, וויפיעל האָט איהר שוין רעגיסטרירט? — — — — אויב ניט, וויפיעל דענקט איהר וועט אייער שול קאָנען האָבען קינדער אין אָנהויב? — — — — שפּעטער, ווען זי וועט זיך שוין האָבען איינגעשטעלט? — — —

4) וויפיעל, דענקט איהר, קאָנט איהר נעמען שכר לימוד ביי אַ קינד, ווען עס וועט לערנען דריי מאָל א וואָך? — — — — ווען 5 אָדער 6 מאָל א וואָך? — — —

5) צו קאָן ביי אייך אַ לערער האָבען נאָך וועלכע עס איז אנדערע פאַרדינסטען: אלס אַ סעקרעטער, פון פּריוואַטע לעקציעס, א. ד. גל? — — —

6) האָט איהר שוין אַ דירה פאַר דער שול?

7) אויב יא? — וויפיעל קלאַס־צימערן קאָן מען דאָרט איינאָרדנען? — — — וויפיעל וועט איהר פאַר איהר צאָהלען אַ מאָנאַט? — — — צי וועט איהר דאַרפען נוצען די קלאַס־צימערן אויך פאַר אנדערע צוועקען אויסער'ן לערנען?

---

מיר דאַרפען העלפען אָפּוואַשען די בלוט־פלעקען פון די מענשליכע נשמות, כדי

עס ווערט באשלאָסען צו ערוועהלען א קאָמיטע פון פינף פון דער עקזעקוטיוו, וועלכען זאל צוזאמען מיט דער סאניטאריום קאָמיטע פאָהרען אין סאניטאריום, אונטערזוכען די אנגעלעגענהייט און האָבען „פול פּאוער" צו האנדלען. אין דער קאָמיטע ווערען ערוועהלט פריינדע עפשטיין, יודיטש, אלפערט, יאקאָבי און פערלשטיין.

* * *

עס ווערט באשלאָסען צו האָבען דעם קומענדיגען מאָנאטליכען מיטינג מאָנטאג אבענד, דעם 4טען אויגוסט.

---

דער רעגולער מאָנאטליכער מיטינג פון דער נאצ. עקזעקוטיוו קאמיטע פון א. ר. ווערט אפגעהאלטען מאָנטאג אבענד, דעם 4טען אויגוסט, מיט פר. אב. עפשטיין אלס טשערמאן.

קאָמיטעס.

פון בר. 50 — פר. וועבער ערקלערט, אז אויף אונזער אנפראגע וואָרום מען נעהמט איהם ניט אריין אין דער סיגארעט מייקער יוניאן, וואו ער איז יאהרען לאנג געוועזען א מעמבער, האָט די יוניאן נאָך אלץ ניט געהאנדעלט. עס ווערט באשלאָסען צו שרייבען נאָך אמאָל וועגען דעם צו די פאראייניגטע אידישע געווערקשאפטען און צו דער סיגארעט מייקערס יוניאן.

צושריפטען.

פון בר. 367 — בעטען, אז די נאצ. עקזעקוטיוו זאל צושיקען א באגריסונג פאר זייער זשורנאל וואס זיי גיבען ארויס לכבוד דעם 10 יעהרליכען יובילעאום. באשלאָסען באוויליגען זייער פארלאנג.

פון לייבאר ליעג — לאדען איין צו שיקען פארטרעטער צו זייער קאָנווענשאָן, וואס וועט אפגעהאלטען ווערען דעם 30טען און 31טען אויגוסט און דעם 1טען סעפטעמבער. זיי לאדען אויך איין פערזענליך פר. באסקין און בעטען צו געבען איהם די נויטיגע צייט צו קענען קומען צו זייער קאָנווענשאָן. — באשלאָסען באוויליגען זייער פארלאנג. אלס פארטרעטער צו זייער קאָנווענשאָן ווערען ערוועהלט פריינדע אב. עפשטיין און ל. ראטהמאן.

פון די היברו אימיגראנט אייד סאסייעטי — שיקען צו א רעסיט און א דאנקס־בריעף פאר די 500 דאָלאר וואס די קאָנווענשאָן אין דעטראיט האָט באשטימט בייצושטייערן פאר זייער אנשטאלט.

פון די סיגאר מייקערס יוניאן — באדאנקען פאר די 50 דאָלאר וואס די לעצטע קאָנווענשאָן האָט באשטימט צו שטיצען זייער סטרייק.

פון בר. 362, קעמדען, נ. דזש. — לאדען איין צו שיקען א פארטרעטער צו דער ערעפענונג פון זייער היים, וואס זיי האָבען לעצטענס געקויפט. די ערעפענונג וועט שטאטפינדען זונטאג אבענד, דעם 17טען אויגוסט. — באשלאָסען איבערצוגעבען צו דער נאצ. ארגאניזאציאנס קאָמיטע, אז זייער פארטרעטער צו דער פילאדעלפיער דיסטריקט קאָנפערענץ, וועלכע וועט אפגעהאלטען ווערען דעם זעלבען טאג, זאל אויך זיין פארטראטען ביי דיזער ערעפענונג.

פון דער נייישאָנאל באָארד אוו דירעקטארס — לאָזען וויסען, אז זיי האָבען גוטגעהייסען די האנדלונג פון דער עקז. אין דער קייס פון בר. 80, וועלכער האָט אפעלירט געגען דער ענטשיידונג ניט צו רעאינסטייטען זייערע א מעמבערין, וואס איז משוגע און איז מיט א צייט צוריק געזעצליך געשטראָכען געוואָרען. זיי האָבען אויך גוטגעהייסען די האנדלונג פון דער עקז. אין דער קייס פון בר. 185, וועלכער האָט אפעלירט געגען צוריקצוציהען זייער ענטשיידונג וועגען דער שטראף וואס זיי האָבען ארויפגעלעגט אויף זייער מעמבער ל. סילווערמאן.

פון פר. דזש. בערנשטיין, דעטראיט — שרייבט, אז די קאָנווענשאָן קאָמיטע האָט נאָך העכער 900 דאל. חובות און זיי האָבען ניט קיין קוועלע פון וואנען די סומע צו דעקען. זיי בעטען דארום, אז די עקזעקוטיוו זאל די סומע באוויליגען פון קאָנווענשאָן פאָנד. ער פרעגט אויך ווי צו האנדלען וועגען די 50 דאל. וואס איז באוויליגט געוואָרען פון דער קאָנווענשאָן פאר זייערע ארטיגע ס. פּ. ברענטשעס. אזוי ווי עס זיינען יעצט דאָ ברענטשעס פון דער פעדעראציע און ברענטשעס פון לינקען פליגעל, ווילען זיי וויסען וועמען דאָס געלד איבערצוגעבען. די עקזעקוטיווע באשליסט, אז די 50 דאל. זאלען איבערגעגעבען ווערען צו די ברענטשעס פון דער פעדעראציע, ווייל ווען די קאָנווענשאָן איז אפגעהאלטען געוואָרען, האָבען קיין אנדערע ברענטשעס אויסער דער פעדעראציע ניט עקזיסטירט. — וועגען די 900 דאל. ערקלערט פר. ישורון, אז די אפיס קאָמיטע אונטערזוכט די אנגעלעגענהייט. עס ווערט באשטימט צו האנדלען וועגען דעם פונקט אָב'ן רעפּארט פון דער אפיס קאָמיטע.

פון דער אנטי־בלאקייד ראשען ליעג — בעטען אונטערצושטיצען א רעזאלוציע וואס פאדערט אויף דעם קאָנגרעס און סענאט צוריקצורופען די אמעריקאנער ארמיי פון רוסלאנד און ארונטערצונעהמען די בלאקאדע געגען רוסלאנד. — באשלאָסען צו אונטערשטיצען די רעזאלוציע, אויב ס'וועט זיך ארויסצייגען, אז די ליעג באשטעהט פון פארטרויענסווערטע עלעמענטען.

פון דער איד. סאצ. פעדעראציע — לאדען איין צו שיקען פארטרעטער צום באנקעט, שבת אבענד, דעם 9טען ד. מ., וואס איז אראנזשירט צו פייערען די 5 יעהריגע עקזיסטענץ פון די „נייע וועלט" און צו געפינען פלענער ווי צו שאפען זייער 50,000 דאלאר פאָנד. — באשלאָסען אנצונעהמען זייער איינלאדונג. ערוועהלט פריינדע באסקין און ראטהמאן.

פון די פיפּלס רעליעף קאָמיטע — בעטען צו ערוועהלען פארטרעטער צו זייער קאָמיטע. — עס ווערען ערוועהלט פריינדע פערלאָוויץ, דינערשטיין, אייבראמס, גאלינסקי, און הויפערלינג.

---

רעפּארט פון רעפערענדום צעהלער קאָמיטע.

פר. העסקעל באריכטעט, אז פר. שפייער און ער האָבען געצעהלט די באלאטס פון לעצטען קאָנווענשאָן רעפערענדום. אין דער אפּשטימונג האָבען זיך באטייליגט 278 ברענטשעס. די באלאטס פון 10 ברענטשעס זיינען ניט געצעהלט געוואָרען, ווייל צוויי זיינען אריינגעקומען אין אפיס נאָכדעם ווי דער רעפערענדום איז געווען געשלאָסען און אכט זיינען געווען אונטערשריבען מיט א צלם, אנשטאט מיט אן אונטערשריפט פון דער קאָמיטע פון ברענטש.

דער רעזולטאַט פון רעפערענדום איז ווי פאלגט:

1. בענעפיט — א) צו העכערען די אונשורענס פּאליסים ביז 1000 דאלאר. די געהעכערטע סומע פון דער פּאליסי זאל געצאָהלט ווערען דורך פולע רייטס, לויט דעם עלטער פון באטרעפענדען מיטגליעד אין דער צייט ווען ער העכערט זיין פּאליסי. די איינטריט געלד פון נייע מיטגליעדער זאל זיין ניט מעהר ווי 4 דאל., אויב אפילו די פּאליסי איז אויף 1000 דאל. יעדער מיטגליעד וואס העכערט זיין פּאליסי מוז האָבען א נייע מעדיקאל און יורין עקזאמיניישאָן. — דאפיר 5213; געגען 502.

ב) פינף פּראָצ. פון קראנקען בענעפיט פאָנד זאל אוועקגעלעגט ווערען אלס א ספּעציעלער קראנקען־בענעפיט פאָנד. — דאפיר 4135; געגען 1007.

ג) פרויען מעמבערס זאלען ניט זיין בארעכטיגט צו קיין קראנקען בענעפיט, אויב די קראנקהייט איז א דירעקטער רעזולטאַט פון שוואנגערשאפט, ענטבינדונג, מענסטרואציע און זויגען א קינד. — דאפיר 3871; געגען 1112.

ד) אלע מעמבערס פון קלאס 1, וועלכע זיינען אריין אין א. ר. ביז די פּראָטווירנאל רייטס איז אריין אין קראפט אין דעם עלטער פון 34 יאהר און העכער, זאל זייער מאקסימום רייט פאר'ן טויטען־בענעפיט פאָנד זיין ניט מעהר ווי 1.75 דאל. פאר 400 דאל. און דער באלאנס פון 4,609.84 דאל. זאל גוטגעמאכט ווערען פון דעם 1 פּראָצ. וואס די נייע מעמבערס צאָהלען איין ביי זייער אריינקומען אין ארב. רינג.*) — דאפיר 5421; געגען 412.

2. אָרגאניזאציאָן. — א) די אויסגאבען פאר ארגאניזאציאנס־ארבייט זאלען געצאָהלט ווערען פער קווארטאל פון יעדען מיטגליעד. — פאר 5 סענט, 2528; פאר 4 סענט, 2619.

3. עדיוקיישאָנאל ארבייט — א) די אויסגאבען פאר עדיוקיישאָנאל ארבייט זאלען געדעקט ווערען דורך 3 סענט א קווארטאל פון יעדען מיטגליעד. — דאפיר, 4267; געגען, 911.

ב) דער בודזשעט פון די א. ר. שולען זאל געהעכערט ווערען. — דאפיר, 3225; געגען, 1105.

ג) די אויסגאבען פון די א. ר. שולען זאלען געצאָהלט ווערען פער קווארטאל פון יעדען מיטגליעד. — פאר 5 סענט, 3012; פאר 4 סענט 1653.

4. פּאַרוואַלטונג. (אמענדמענט צו דער קאָנסטיטושאָן) — א) ארטיקעל 15, פונקט, 1, זאל זיך לעזען: דער א. ר. ווערט פארוואלטעט פון א דזשענעראל עקזעקוטיוו קאָמיטע, באשטעהענד פון 30 מיטגליעדער, מעמבערס פון ברענטשעס פון גרייטער ניו יארק און אומגעגענד, וואו רייזע־קאָסטען באטרעפען ניט מעהר ווי 50 סענט אהין און צוריק. די עקזעקוטיווע ווערט נאָמינירט און ערוועהלט אין 6 ספּעציעלע קאָמיטעס (אָרגאניזאציאָן, בענעפיט, סאניטאריום, עדיוקיישאָנאל, אָפיס און גריוועַנס). יעדע פון דיזע קאָמיטעען מוז מיטען אם ווייניגסטען איין מאָל א וואך. א מאַיאָריטעט פון דיזער קאָמיטע שטעלט צוזאמען א קוואָרום. — דאפיר, 4412; געגען 470.

ב) ארטיקעל 15, פונקט 2, זאָל זיך לעזען: עקזעקוטיוו מיטגליעדער זאלען ניט קענען זיין אין דער פּאַרוואַלטונג לענגער ווי 3 יאהר נאָכאַנאַנד. נאָכדעם ווי דער מיטגליעד איז געווען א יאָהר אויסער דער פּאַרוואַלטונג קען ער ווייטער נאָמינירט ווערען אלס מיטגליעד פון דער עקזעקוטיוו קאָמיטע. — דאפיר, 4935; געגען, 383.

ג) ארטיקעל 16, פונקט 26, פּאַראַגראַף א, זאל זיך לעזען: א מיטגליעד פון עקזעקוטיוו קאָמיטע ווערט אויסגעשלאָסען: פאר ניט באזוכען 3 מיטינגען נאָכאַנאַנד פון זיין קאָמיטע אדער פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע, אדער 5 מיטינגען אין פארלויף פון 3 מאָנאַטען כסדר, ניט אָנגעבענדיג קיין אורזאך, וואס ווערט פון דער עקזעקוטיווע אנערקענט אלס גענוגענד. — דאפיר, 4897; געגען, 225.

ד) ארטיקעל 20, פונקט 7, זאל זיך לעזען: א. יעדער ברענטש קען נאָמינירען נאָר 1 דעלעגאַט צו דער קאָנווענשאָן, א מעמבער פון אייגענעם ברענטש אדער פון אן אנדער ברענטש, און די דעלעגאַטען צו טעריטאָריען קאָנפערענץ זאלען באשטימען, ווער פון די נאָמינירענדע זאלען זיין דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאָן. די דזשענעראל עקז. קאָמ. זאָל די, פון קאָנפערענץ נאָמינירטע קאנדידאַטען,

---

*) די סומע פון העכער 4,000 דאל., וואס ווערט דאָ אָנגעגעבען, איז ניט גענוי. די נ. ע. וועט שפּעטער אויסרעכענען די גענויע סומע, וואס דער באלאנס וועט באטרעפען.

---

די צאַרטקייט פון דער מענשליכער נשמה זאָל זיך ארויסזעהן. — י. ל. מאַגנעס.

ארויסשיקען פאר איין אפשטימונג צו די ברענטשעס. — דאפיר 4296; געגען, 489.

ב. רעפערענדומס פאר וועהלען נאציאנאלע בעאמטע אדער דעלעגאטען צו דער קאנווענשאן זאלען געשטימט ווערען ביי א ספעציעלען מיטינג בלויז דורך אינדיווידועלע באלאטס און אין א באשטימטער צייט. אין צייט פון שטימען זאלען קיינע אנדערע פראגען ניט פארהאנדעלט ווערען. גלייך נאכדעם ווי די באלאטס ווערען אפגעשטימט פון די מיטגליעדער זאל א ספעציעלע צעהלער־קאמיטע צונעהמען די באלאטס, איבערצעהלען די שטימען און באריכטען דעם רעזולטאט צום זעלבען מיטינג, און דאס זעלבע זאל פארשריבען ווערען אין פראטאקאל. נאכדעם ווי די אפשטימונג איז פאראיבער און די צעהלער־קאמיטע האט צוגענומען די באלאטס, איז דער וואוט געשלאסען און קיינע צוגעקומענע מיטגליעדער קענען מעהר ניט שטימען. — דאפיר, 4772; געגען, 268.

5. ניישיאנאל באארד אף דירעקטארס. — די מיטגליעדער פון דער נאציאנאלער באארד אף דירעקטארס זאלען קריגען אויסגעצאהלט די עסקטרא רייזלראוד־פעיר אזוי לאנג ווי די געהעכערטע פרייזען פאר רײלראוד פון דעם יאהר 1918 וועלען אנהאלטען. — דאפיר, 4713; געגען 230.

6. ווייטערע אמענדמענטס צו דער קאנסטיטושאן. — א) ארטיקעל 3, פונקט 12, זאל זיך לעזען: אלס יורשים, אדער בענעפיציאנטען, קען מען אנגעבען: פאטער אדער מוטער, ברודער אדער שוועסטער, קינדער (אויך געזעצליך אדאפטירטע קינדער), מאן אדער פרוי, אדער פערזאנען וואס זיינען מאטעריעל אפהענגיג פון מיטגליעד. — דאפיר, 4771; געגען, 338.

ב) צו ארטיקעל 4 זאל צוגעזעצט ווערען פונקט 4 און זאל זיך לעזען: „קיין ברענטש, אדער וועלכער עס איז פון זיינע בעאמטע, זאל ניט האבען רעכט און אויטאריטעט פון פארלייכטערען וועלכע עס איז פונקטען פון דער קאנסטיטוציע און „ביי־לאאס" פון דעם א. ר. דאס זאל זיין בינדענד אויף דעם ארדען און אויף יעדערען פון זיינע מיטגליעדער, ווי אויך אויף אלע יורשים פון די מעמבערס." — דאזיר, 4220; געגען, 262.

ג) פונקט 6 פון ארטיקעל 10, וועלכער לעזט זיך: דיזער פאראגראף איז בינדענד נאר פאר די מעמבערס, וועמעס סערטיפיקייטס זיינען דאטירט פון ערשטען נאוועמבער, 1911. — דיזער פונקט זאל אויסגעשטראכען ווערען. — דאפיר, 3076; געגען, 235.

ד) עס זאל צוגעזעצט ווערען אן ארטיקעל 27 צו דער קאנסטיטושאן, וועלכער זאל זיך לעזען: די ארטיקלען אין דער קאנסטיטושאן וועגען קארפארײשאן קענען אמענדירט ווערען דורך א רעזאלוציאן, פון א רעגעלער אדער ספעשעל קאנווענשאן פון א. ר. — דאפיר 3101; געגען 247.

קאנווענשאן — די 20טע יעהרליכע קאנווענשאן זאל געהאלטען ווערען אין — פילאדעלפיא, 2280; אין נוארק, 3713.

פארשיעדענעס. — א) די עקזעקוטיווע זאל האבען דאס רעכט זיך אנצושליסען אין פארשיעדענע האספיטאלס און אויף דעם קענען אויסגעבען ניט מעהר ווי 5000 דאלאר. — דאפיר, 4720; געגען, 309.

ב) גוטצוהייסען די אויסצאהלונגען צו די דעלעגאטען פון דער 19טער קאנווענשאן, צו 8 מיט א האלב דאלאר א טאג. — דאפיר, 3839; געגען, 1074.

די שטיצע פאר די פארשיעדענע ארגאניזאציעס און אינסטיטוציעס איז דורכ'ן רעפערענדום גוטגעהייסען געווארען.

באריכט ווערט גוטגעהייסען.

---

פר. עפשטיין באריכטעט, אז די רעליעף קאמיטע האט באשלאסען צו ווענדען זיך צו דעם נאצ. ארג. קאמיטע, צו אינסטרואירען זייערע פארטרעטער צו די דיסטריקט קאנפערענצען צו ריידען אויך וועגען דעם 50,000 דאל. רעליעף פאנד.

ער ערקלערט, אז די לעגאל קאמיטע געהט ווייטער אן מיט דער ארבייט און ס'זיינען דא האפנונגען, אז מיר זאלען אין גיכען קריגען א טשארטער אין נאך א פראווינץ פון קענעד.

ער רעפארטעט, אז ער איז געוועזען פארטראטען ביי דער קאנפערענץ אין רענד סקול, גערופען פון לאקאל ניו יארק ס. פ. — ס'איז דארט גערעדט געווארען וועגען די רעאקציאנערע כוואליעס, וואס פארשפרייטען זיך איבער'ן גאנצען לאנד און ס'איז באשלאסען געווארען ביי דער קאנפערענץ אנצופאנגען א קאמפיין פאר א פאנד פון 100,000 דאלאר.

ער איז אויך געוועזען פארטראטען ביי די זיצונגען פון די נײשאנאל באארד אוו דירעקטארס. צוויי זיצונגען זיינען ביי זיי אין גאנצען געוועזען פארנומען מיט סאניטאריום־פראגען, נאכדעם ווי זייערע פארטרעטער, פריינדע שקלאווין און בענענסאן האבען באזוכט דעם סאניטאריום און צו זיי רעפארטעט. פר. עפשטיין האט זיי איבערגעגעבען זיין שטאנדפונקט וועגען דער איצטיגער סיטואציע און זיי האבען באשלאסען גוטהייסען די האנדלונגען פון דער סאניטאריום קאמיטע. די נאציאנאלע באארד אוו דירעקטארען האט באשלאסען, אז דער יעצטיגער סעקרעטער זאל באזוכען דעם סאניטאריום און רעפארטען צו דער נייער נ. ב. ד. פר. עפשטיין האט ביי דער נ. ב. ד. אויסגעדריקט דעם געדאנק, אז דיזער פרעזידענט איז ניט קיין פאסענדער. ער האט ביי זיי רעפארטעט פאר די נאצ. עקז. קאמיטע און זיי האבען אויסגעדריקט צופריעדענהייט מיט דער טעטיגקייט און האנדלונגען פון דער עקזעקוטיוו קאמיטע.

---

עס ווערט אויפגעהויבען די פראגע צו די נאצ. עקז. זאל ארויסשיקען א צושריפט צו די ברענטשעס וועגען דעם 100,000 דאל. פאנד פאר לאקאל ניו יארק ס. פ. — נאך א קורצער דעבאטע ווערט באשלאסען צו האנדלען וועגען אונטערשטיצען דעם קאמפיין זייערען נאך דער עמוירדזשענסי קאנווענשאן פון סאצ. פארטיי.

פר. עפשטיין'ס רעפארט ווערט דאן גוטגעהייסען.

---

## רעפירט פון סאניטאריום.

פריינד יודיטש באריכטעט פאר דער קאמיטע וואס איז ערוועהלט געווארען פון דער נאצ. עקזעקוטיוו צו אונטערזוכען די לעצטע פאסירונגען אין סאניטאריום און האנדלען וועגען דעם. ער רעפארטעט פאלגענדעס:

מיר זיינען, לויט דעם באשלוס פון דער עקזעקוטיווע, געקומען אין סאניטאריום דאנערשטאג פריה, דעם 31טען יולי, און זיינען דארט געוועזען ביז זונטאג, דעם 3טען אויגוסט. מיר האבען געזוכט צו מאכען א גרינדליכע אונטערזוכונג און אויסצוגעפינען אלע אורזאכען וואס האבען ארויסגערופען די לעצטע פאסירונגען, און מיר גלויבען אז דאס האט זיך אונז איינגעגעבען.

מיר האבען צוערשט אפגעהאלטען א מיטינג מיט אלע פאציענטען. מיר האבען פאר זיי ערקלערט צוליעב וואס מיר זיינען געקומען און פארלאנגט פון זיי אז זיי זאלען אונז העלפען מיט אלעס וואס וועט זיין נויטיג, כדי מיר זאלען אויסגעפינען די ווירקליכע אורזאכען פון די אומנארמאלע באציהונגען צווישען אלע וואס געפינען זיך אין סאניטאריום. כאטש מיר האבען געגלויבט, אז פאר אונזער אונטערזוכונג איז נויטיג אויסצוהערען די מעהרסטע פאציענטען, ווי פארטרעטער פון דער סאניטאריום מענעדזשמענט באזונדער, האבען די פאציענטען ביים זעלבען מיטינג דורך אייניגע רעדנער געפאדערט, אז אונזער אונטערזוכונג זאל געפיהרט ווערען אין דער אנוועזענהייט פון אלע פאציענטען. מיר האבען געמאכט די פראבע און ביים זעלבען מיטינג אויסגעהערט אייניגע רעדנער, פארשטענדליך אזעלכע, וואס האבען זיך זעלבסט געמאלדען צו רעדען. נאך דעם מיטינג האבען מיר נאך מעהר פארשטאנען, אז קיין אונטערזוכונג ביי אזעלכע מיטינגען קענען ניט געמאכט ווערען. מיר האבען דארום נאכדעם גערופען און אויסגעהערט פיעלע פאציענטען באזונדער. פאר די 3 טעג האבען מיר אויסגעהערט אן ערך 40 פאציענטען. די צאהל האט אין זיך איינגעשלאסען סיי אזעלכע, וואס האבען געשפיעלט די הויפט ראלע אין דער באוועגונג געגען דער סאניטאריום פארוואלטונג, סיי אזעלכע, וואס זיינען געשטאנען געגען אזא באוועגונג, און אויך אייניגע וועלכע קענען באטראכט ווערען אלס אזוי־גערופענע אונפארטייאישע. מיר האבען אויך אויסגעהערט דר. ראזענבערג און פריינד גוסקינ'ען, דעם טשערמאן פון דער סאניטאריום קאמיטע. נאך דיעזע אלע הירינגס האבען מיר אויסגעפונען, לויט אונזער גלויבען, פאלגענדעס:

1) די מענעדזשמענט פון סאניטאריום איז געוויס לעצטענס ניט געוועזען קיין 100 פראצענט צופרידענשטעלענדע. די אורזאכען זיינען ערשטענס, דער מאנגעל אין פאסענדע אנגעשטעלטע, און, צווייטענס, די שוואכקייט פון אונזער מענעדזשער, דר. ראזענבערג, וועלכער האט אפשר אפט געשענקט צו ווייניג אויפמערקזאמקייט צו דער אדער יענער אנגעלעגענהייט און פאסירונג.

2) עס איז אויך אמת, אז די עסענס אין סאניטאריום זיינען ניט שטענדיג לויט דעם געשמאק פון אלע פאציענטען. מען קען אפילו גלויבען, אז די קעכין, וועלכע איז אן אונגארישע פרוי, קען ווייניגער זיך צופאסען צום געשמאק און די עסענס פאר די מעהרסטע פאציענטען, וואס זיינען רוסישע אדער ליטווישע אידען.

אבער די צוויי אנגעמערקטע פונקטען וואלטען זיכער ניט געקענט פיהרען צו אזעלכע שעדליכע פאסירונגען, ווי מיר האבען באגעגענט אין סאניטאריום, ווען ניט די פאלגענדע אורזאכען:

א) די דיסציפלין צווישען אונזערע פאציענטען, וועלכע איז שטענדיג געוועזען ווייט פון דער דיסציפלין וואס ווערט אנגעהאלטען אין ענליכע מעדיצינישע אינסטיטוציעס, האט לעצטענס גאר ניט עקזיסטירט. שולדיג אין דעם, איז אונזער סאניטאריום קאמיטע, וועלכע האט, ווי עס ווייזט זיך ארויס, אנגעהאלטען א פאלשע פאליסי אין סאניטאריום. דאס איז געוועזען א פאליסי פון „פארגלעטען" אדער „אויספרעסען" פיעלע איינצעלהייטען וואס לאזען זיך ניט „פרעסען אדער גלעטען." דאס איז געוועזען א פאליסי פון פראקטישע פיהרער, וואס זוכען אויסצומיידען קריגערייען און אנצוהאלטען ארדנונג אין אן ארגאניזאציאן, אבער ניט קיין פאליסי וואס מוז אנגעהאלטען ווערען אין אזא אינסטיטושאן ווי דער סאניטאריום.

ב) אויב אין געוועהנליכע צייטען וואלט דאס געזאגטע ניט געבראכט צו אזעלכע אונארדנונגען און שעדליכע פאסירונגען, זיינען אבער לעצטענס אין סאניטאריום אומגליקליכער ווייזע אריינגעקומען אייניגע אזעלכע פאציענטען, וואס באשטעהען פון דעם מענשען־מאטעריאל אין אונזער ארגאניזאציאן, וואס זיינען צו יעדער צייט גרייט אונטערצוגראבען אלעס וואס איז אין די אינטערעסען פון דער ארגאניזאציע, — בלויז צוליעב זייערע אייגענע קאפריזען און חשבונות.

אט דיעזע אייניגע פערזאנען, האבען געזוכט דורך אלע מיטלען, — סיי דורך געוועהנליכען איינפלוס און סיי דורך צוואנג, — צו באשאפען איינפאך אן ארגאניזאציאן פון אלע פאציענטען צוזאמען מיט מאנכע אנגעשטעלטע, צו דיסקוטירען אלעס, וואס איז גוט און

דעם סאניטאריום, צוזאמען מיט דער סאניטאריום פארוואלטונג. עס איז אונמעגליך אין דעם באריכט ארויסצובריינגען אלע פאקטען, וועלכע אונזער קאמיטע האט באקומען פון דער אונטערזוכונג, און איך וועל דא בלויז איבערגעבען אייניגע:

איינצושמועסען א פאציענט, אז דאס עסען וואס מען גיט איהם, איז ניט געזונד פאר איהם איז, נאטירליך, ניט קיין שווערע ארבייט. און איינצושמועסען ווידער א קראנקען פון סאניטאריום, אז קיינער געהט פון דארט ניט ארויס קיין געזונטער, אדער אז די סאניטאריום קאמיטע באשטעהט פון אמת'ע מערדער, ביי וועמען דער לעבען פון פאציענט שפיעלט קיין ראלע ניט, און פארגלייך מיט זייערע „דזשאבס", איז אויך זעהר לייכט. און אויב עס געפינט זיך אזעלכער, וואס גלויבט דאך ניט אין אזעלכע באבע מעשות, קען מען שוין איהם אויך מאכען צום גלויבען. אט זיינען אייניגע ביישפיעלע, וועלכע מיר האבען געקראגען פון דעם פארהער:

מיר פרעגען ביי פאציענט היים, א מיטגליעד פון לייבאר ליעג, וואס האט געשפיעלט א ראלע אין די לעצטע פאסירונגען: קענט איהר אונז זאגען, אין וואס באשטעהט אייער אונצופריעדענהייט מיט דער מענעדזשמענט פון סאניטאריום? איז דער ערשטער ענטפער געווען: „איך ווייס, וואס פרעגט איהר ביי מיר, פרעגט ביי מיין קישקע"...

א צווייטער, ווידער, טענה'ט, אז ער האט געהאט גאנצע 3 פארציקס קאשע און ערשט נאכדעם איז ער דורך א פאציענט געוואר געווארען, אז די קאשע איז ניט גוט...

אדער אזא פאל: מען געהט צו צו א טיש אין עס צימער און מען פרעגט ביי איינעם: נו, ווי איז עפעס דער געשמאק פון היינטיגער זופ? ענטפערט ער, א, עקסעלענט. — און אלע ביי־דעם טיש ענטפערען דאס זעלבע.

געהט מען דאן צו א צווייטען טיש און מען פרעגט ביי איינעם די זעלבע פראגע, ענטפערט ער, אז „ס'האט קיין טעם ניט", און אלע ביים זעלבען טיש ענטפערען אויך דאס זעלבע.

כמעט אלע פאציענטען פון די אונצופריעדענע, וועלכע מיר האבען אויסגעהערט, האבען זייערע מעהרסטע טענות געגען דער סאנאטאריום קאמיטע אויסגעדריקט בנוגע צו די עסענס אין סאניטאריום. און אויב צוויי פון זיי האבען אלס באווייז, אז דאס עסען טויג ניט, געבראכט די אנגעוויזענע ביישפיעלע מיט דער באריהמטער קאשע, האבען דערפאר אלע אנדערע אויך אנגעוויזען אלס א פאקט א מעשה מיט פארשטונקענע פיש, מיט וועלכע מען האט זיי „גערוואלט פאר'סם'ען". און לויט אלע באווייזע, איז די מעשה מיט די פיש די פאלגענדע:

מען האט איינמאל, אין א הייסען טאג, געבראכט אין דער פריה פיש, וואס האבען באדארפט געקאכט ווערען צום סאפער. דער סטאר־רום קלוירק, אנשטאט צו באזארגען די פיש אויף דעם ריכטיגען פלאץ מיט געהעריג אייז, האט אבזיכטליך ניט געשטעלט די פיש אויפ'ן אייז, כדי צו קענען אונטערשטעלען א הינטערפיסעל דער מייטראן, געגען וועלכער זיי פלעגען זיך באקלאגען, און נאכדעם ווי דאס איז אפגעשטאנען היבשע שטונדען, איז טאקע דער זעלבער קלוירק געגאנגען און געבראכט פאציענטען, אום זיי צו ווייזען, וואס פאר א פיש מען האט פאר זיי צוגעגרייט... אייניגע פאציענטען זיינען גלייך אוועק צום דאקטאר מיט דער טענה, סטייטש, פארשטינקענע פיש... און דער דאקטאר האט געאָרדערט די פיש גלייך ארויסצואווארפען. דאס הייסט, מען האט טאקע קיינעם קיין פארשטונקענע פיש ניט געגעבען צו עסען, נאר „מען האט דאך זיי אבער געוואלט פאר'סם'ען".

אויף ווי ווייט דער איינפאכער טעראר פון א גרופע געצעהלטע פאציענטען האט געווירקט, אויף צו העלפען שאפען די סקאנדאליעזע פאסירונגען, קענען ווידער דיענען בלויז אייניגע פאקטען:

כמעט אלע פאציענטען, מיט אייניגע אויסנאמען, וועלכע מיר האבען אויסגעהערט, האבען פאר אונז, אין א פארמאכטען צימער, מורא געהאט צו רעדען, און ווען זיי האבען שוין יא געענטפערט אויף אונזערע פראגען, זיינען די מעהרסטע ענטפערס אויף די זעלבע פראגען געווען אויף אזא קאזיאנעם שטייגער, אז עס איז געווען זעהר לייכט צו מערקען דעם אפמאך, וואס די הויפט „אדוואקאטען" האבען מיט זיי איינגעשטודירט. בלויז אייניגע האבען דערצעהלט אויף ווי ווייט זיי זיינען געצוואונגען אזוי צו ענטפערען און בכלל ניט צו זיין קיין „פאררעטער" געגען דער ארגאניזאציע פון די פאציענטען. פון אזעלכע האבען מיר געהערט ווי אזוי די ארגאניזאציע ווערט אנגעהאלטען אזוי סאליד אז זי זאל וואס ווייטער זיין אלץ מעהר בכוח צו דיסקרעדיטירען דעם סאניטאריום מיט דער פארוואלטונגס קאמיטע.

אין די זומער מאנאטען, איז, ווי געוועהנליך, די צאהל פון נייע פאציענטען פיעל גרעסער ווי אין די ווינטער מאנאטען, אזוי אז אין סאניטאריום זיינען אין די לעצטע 3 מאנאטען צוגעקומען א גרעסערע צאהל נייע פאציענטען. און יעדען פון זיי האט מען געזוכט צו פאנגען אין „נעץ" אויף אומגעפער אזא אופן:

מען באגעגענט דעם נייעם פאציענט, באלד ווי ער קומט, מיט א גאנץ „פריינדליכען" ברוך הבא. מען פרעגט, פון וואנען מען קומט, א. ז. וו. „זייט איהר שטארק אנגעגריפען שוין פון דער קראנקהייט? א, דא וועט אייך אויך ניט העלפען"... עס האט זיך נאך ניט געטראפען, אז א פאציענט זאל דא געהיילט ווערען פון טובערקולאָזיס. איהר מיינט, מסתמא, אז איהר זייט געקומען אין א שמאלץ גרוב? אט אזוי גלויבען דאך די מעהרסטע מעמבערס פון אונזער ארב. רינג. אבער ווארט — איהר וועט דא אפזיין א קורצע צייט וועט איהר זיך שוין אליין איבערצייגען, וואס פאר א שמאלץ גרוב דא איז. דאס עסען קען מען אין מויל ניט נעהמען, אלעס איז דא אזוי גוט, אז מען קען דא גיכער קראנק ווערען איידער געזונד ווערען. און אונזער סאניטאריום קאמיטע מיט דער נאצ. עקזעקוטיווע — די באסעס אונזערע — וואס ארט זיי, וואס אן אנדערער קומט אהער א קראנקער און לאזט נאך א פאמיליע אין דער היים. נאר וואס דארפען מיר אייך אלעס דערצעהלען, איהר וועט דאס שפעטער שוין אליין אויסגעפינען."

אט אויף אזא שטייגער שליידערט מען דאס אריין אין דעם פארטרויערטען קראנקען פריינד די ערשטע גיפטיגע פיילען, און אויב דער באטרעפענדער איז דאך א פערזאן מיט מוט, וואס דערשרעקט זיך ניט אזוי שנעל פאר די אלע ווערטער, אדער ער ווארפט א פארדאכט אויף אזעלכע מעשות, זיינען דא אנדערע מיטלען אויף שפעטער: איינער דערצעהלט ווי מען פלעגט איהם ווארפען צוזאמענגעוויקעלטע צייטונגען אין קאפ אריין אין צייט ווען ער פלעגט שלאפען. אן אנדערער דערצעהלט, ווי מען האט ביי איהם אייניגע מאל צוגענומען דעם מאטראץ פון בעטעל. א דריטער דערצעהלט ווי מען פלעגט איהם פאר שפאס, אויסלייגען גרינע זשאבקעלאך הינטער דעם צורעק.... און אלס א ביישפיעל, אז אזעלכע מיטלען ווירקען סוף כל סוף, קען דיענען אזא סארט עדות:

מיר פרעגען ביי א געוויסען פאציענט פון א ניו יארקער ברענטש, זאגט אונז, פריינד, מיט וואס זייט איהר אונצופריעדען אין סאניטאריום?

ענטפער: כ'ווייס, ס'איז דא א סך זאכען מיט וואס צו זיין אונצופריעדען, נאר דאס ערגסטע איז דאס עסען.

פראגע: ווי לאנג זייט איהר שוין אין סאניטאריום?

ענטפער: סך הכל 4 וואכען.

פראגע: איז אמת, אז איהר האט ערשט מיט צוויי וואכען צוריק אין א בריוועל צו אייער ברענטש זעהר פיעל געלויבט דאס עסען און אלעס, און געשריעבען „הוריי פאר'ן ארב. רינג סאניטאריום"?

ענטפער: יא, איך האב אזוי געשריבען.

פראגע: טא, ווי קומט דאס, וואס מיט צוויי וואכען צוריק איז געווען אזוי גוט, און מיט צוויי וואכען שפעטער — אזוי שלעכט?

ענטפער: כ'ווייס, די ערשטע צוויי וואכען איז דאס עסען געווען גוט. נאר עפעס לעצטענס איז ניט אזוי גוט.

פראגע: איז אמת, אז מאנכע פאציענטען האבען פון אייך אייניגע מאל צוגענומען דעם מאטראץ אדער אוועקגעלעגט זשאבקעס הינטער אייער צודעק?

ענטפער: יא, ס'איז אמת. אבער דאס האבען זיי מסתמא געטאן פאר שפאס.

די באגריפען פון אייניגע פאציענטען — די „איינפלוסרייכע" אנפיהרער פון די לעצטע פאסירונגען, שיינען אויך צו זיין אין איינקלאנג מיט זייערע האנדלונגען. עס איז כדאי צו באריכטען בלויז פון א פאר פעלע:

א פרוי פון א דערבייאיגער שכנה'שער פארם איז געקומען אין די לענ־טאס פון די סאניטאריום פאציענטען צו נעמען א באד. א געוויסער פאציענט האט איהר ערקלערט, אז דאס איז ניט ערלויבט פאר איהר אין סאניטאריום. אנדערע האבען זיך פאר איהר איינגעשטעלט און יא ערלויבט. דער ערשטער פאציענט האט וועגען דעם זיך געקלאגט פאר איינעם פון דער סאניטאריום קאמיטע. האט מען דעם זעלבען פאציענט דערפאר באשטראפט מיט 3 דאלאר פאר די מלחמה קרבנות און ער האט דאס טאקע אויפ'ן צווייטען טאג געמוזט איינצאהלען. ווען מיר האבען געפרעגט ביי פאציענט לעווין, וועגען דעם, וואס ער דענקט וועגען אזא שטראף, האט ער אויף זיין שטייגער אונז געזוכט צו איבערצייגען, אז דער באטרעפענדער פאציענט האט געוויס באגאנגען א פארברעכען, ווייל ער האט ניט געטארט שטערען דער פרוי צו נעהמען א באד אין סאניטאריום. — „דאס איז אן ארבייטער אינסטיטושאן, און די פרוי איז אויך. א קראנקע, און אן ארעמע" —

דער זעלבער פאציענט קען אויך ניט גלויבען צי עס איז ווירקליך אזא פארברעכען פון איהם, ווי פון אנדערע, אויב מען שפיעלט ביז 2 א זייגער ביינאכט אין קארטען. דערפאר פארשטעהט ער, אז „היינטיגע צייטען, אויב מען גיט ניט מיט גוטען דארף מען נעהמען מיט בייזען". און דארום האט ער, לויט זיין מיינונג, מיט רעכט פארגעשלאגען ביי א מיטינג פון די פאציענטען, זונטאג, דעם 27טען יולי, ווען דער „הונגער סטרייק" איז אהן קייגען ערקלערונגען געמאכט געווארען, אז „די פאציענטען זאלען פארטרייבען דעם דאקטאר מיט דער סאניטאריום קאמיטע און אליין איבערנעהמען די סאניטאריום פארוואלטונג אין אייגענע הענד." און אויב דער דאקטאר זאגט, אז עסען דארף מען געהן אין דיינינג רום און ענטזאגט זיך צו געבען א קאן מילך אין די לענ־טאס, ווען מען וויל סטרייקען מיט'ן עסען, איז לויט זיין מיינונג, מוז מען געהן און אליין נעהמען די קאן מילך. אויב עס איז פארשלאסען, נו, „עפענט מען אויף".

און אט איז נאך א פאל:

א געוויסער פאציענט האט ניט ארייגגעלאזט אויף די סאניטאריום גראונדס קיין צוויי אוטאמאבילען מיט באזוכער נאך דעם ווי די וויזיטינג־שטונדען זיינען געווען פאראיבער. איינער פון די געסט האט דעם באטרעפענדען פארגעשלאגען 5 דאלאר פאר דער פריווילעגיע ארייגגעלאזען צו ווערען. דער פאציענט האט איהם געענטפערט, אז אפילו פאר הונדערט דאלאר קען ער דאס ניט טאן, ווייל דאס איז געגען די רולס פון סאניטאריום, האט אן אנדער פאציענט מיט דעם נאמען ראזענצווייג, דעם ערשטען אפגעטריבען פון וועג און די באַ־

זוכער דאָך אריינגעלאָזען. ווען מיר האָבען געפרעגט ראָזענצווייג'ען, וואָרום ער האָט דאָס געטאָן, באַרעכטיגט ער זיין האַנדלונג מיט דעם, אז „דאָס איז בלויז געווען איניגע מינוט נאָכ'ן ווּיסעל און דארום האָט דער ערשטער ניט געהאַט קיין רעכט זיי צו פאַרהאַלטען.” דער זעלבער פארשטעהט אויך ניט, פאר וואָס איז דאָס א פארברעכען צו נעהמען אריין א קאן מילך אויב דער דאָקטאָר ענטזאָגט דאָס, און דארום האָט ער דאָס געטאָן צוזאמען מיט לעווינ'ען און אַנדערע.

דער קלוגסטער פון אלע אַנפיהרער פון די פאציענטען האָט זיך, לויט דעם פאַרהער, ארויסגעוויזען צו זיין א פילאדעלפיער, מיט דעם נאָמען דאַרדעק. ער אליין האָט, ווי עס שיינט, געהאַט זיין אויפגאַבע, אז אלע „שעהנע דזשאָבס” זאָלען געמאַכט ווערען נאָר פון אַנדערע, ער אליין פלעגט נאָר אויפפּאַסען אז אלעס זאָל געטאָן ווערען מיט דעם נויטיגען „אָ־קיי”. ער פלעגט בלויז זיין דער וואָרטספיהרער פאר די פאציענטען, און ער איז דאָס געווען איינער פון די ערשטע וואָס האָבען פאַראורזאַכט יעדע סקאַנדאַליעזע פּאַסירונג אין סאַניטאַריום און אויך לעצטענס דעם געשלעג אין וועלכען דר. ראָזענבערג איז צושלאָגען געוואָרען און פאר וועלכען דאַרדיק מיט די אַנדערע צוויי פאציענטען זיינען פון דאָקטאָר ראָזענבערג ארעסטירט געוואָרען און געשטעלט געוואָרען אונטער קלאַגען.

פאר די מיטגליעדער פון אונזער עקזעקוטיווע איז שוין באַקאַנט אז די 8 ארעסטירטע זיינען פון פריינד גוסקין גלייך געבוילט געוואָרען. מיר ווילען דאָ בלויז צוגעבען, אז נאָר א דאַנק אונזער שטרענגער האַנדלונג, ווי איהר וועט הערען פון אונזערע ווייטערע באַשליסע, און א דאַנק דעם, וואָס אונז האָט זיך איינגעגעבען צו איבערצייגען דאָקטאָר ראָזענבערג, אז דאָס וועט אויך זיין פאר דעם כבוד פון ארב. רינג, האָט ער די שווערע קלאַגע געגען זיי אינגאַנצען צוריקגעצויגען.

נאָך 8 טעג פון אונטערזוכונגען האָט אונזער קאָמיטע אָנגענומען א רייהע באַשליסע, געפאַסט אין דער פאלגענדער רעזאָלוציע:

## רעזאָלוציע.

מיר, די אונטערצייכענטע, ערוועהלט ביי א ספּעציעלער זיצונג פון דער נאַצ. עקזעקוטיווע פון א. ר., מיטוואָך, דעם 30טען יולי, 1919, צו אונטערזוכען און ענטשיידען וועגען די אונאַנגענעמע פּאַסירונגען און די אורזאַכען וואָס האָבען ארויסגערופען די אונ־נאָרמאַלע באַציהונגען צווישען די פאציענטען, מענעדזשמענט און סאַניטאַריום קאָמיטע אין אונזער סאַניטאַריום, האָבען אונטערזוכט אַלעס וואָס איז געווען מעגליך און געקומען צו פאלגענדע שליסע:

די פאַרוואַלטונג און די מענעדזשמענט פון אונזער סאַניטאַריום, וועלכע ענטהאַלטען אין זיך איצט, ווי שטענדיג, אַלע מעלות פון דעמאָקראַטישער פאַרוואַלטונג און פון אַלגעמיינער בעסערער אויפפּאַסונג אויף אונזערע פאציענטען, איז לעצטענס ניט קיין פולע הונדערט פּראָצענט צופריעדענשטעלענד, הויפּטזעכליך צוליעב דעם מאַנגעל אין פּאַסענדע אָנגעשטעלטע און צוליעב איניגע צופעליגע, און פאר דער פאַרוואַלטונג אונפאַרמיידליכע פּאַסירונגען.

הגם מיר גלויבען, אז קיין הונדערט פּראָצענט צופריעדענהייט איז ניט מעגליך אין קיין פאַרוואַלטונג פון קיין אינסטיטושאָן, אפילו אין געוועהנליכע צייטען, דאָך האַלטען מיר דאָס פאר אונזער חוב — צוזאמען מיט דער סאַניטאַריום קאָמיטע און מיט אַלע אַנדערע מיטגליעדער פון אונזער נאַצ. עקז., צו מאַכען אַלע אָנשטרענגונגען, אז אלע מעגליכע אויסבעסערונגען אין אונזער סאַניטאַריום זאָלען געמאַכט ווערען, אזוי שנעל ווי מעגליך.

מיר געפינען אז די הויפּט אורזאַכען פון א רייהע פּאַסירונגען פון די לעצטע איניגע מאָנאַטען אין אונזער סאַניטאַריום, זיינען: א) די צושטערטע דיסציפּלין צווישען די פאציענטען, וועלכע איז גראָדע אומבאַדינגט נויטיג אין יעדער דעמאָקראַטישער און מעדיצינישער אינסטיטושאַן; ב) די ניט געהאָרכזאַמע באַציהונגען פון מאַנכע אָנגעשטעלטע צו זייער ארבייט, וועלכע זיינען צום באַדויערען געשאַפען געוואָרען מיט דער הילף פון מאַנכע פאציענטען; ג) די העצענדע אויפפיהרונג פון איניגע פריינדע־פאציענטען, וועלכע האָבען געזוכט דורך אלע ווירקזאַמע מיטלען צו באַשאַפען אַן אַלגעמיינע שטימונג פון אונצופרידענהייט צווישען די פאציענטען און און אָפט אויך געצוואונגענעם פּראָטעסט געגען דער סאַניטאַריום פאַרוואַלטונג; ד) די צו מילדע באַציהונגען פון אונזער סאַניטאַריום פאַרוואַלטונג אין שייכות צו די ערשטע אָנגעמערקטע אורזאַכען.

זייענדיג איבערצייגט, אז דער צושטאַנד וואָס הערשט יעצט אין אונזער סאַניטאַריום, איז העכסט שעדליך פאר דעם ארב. רינג אלס ארגאַניזאַציאָן בכלל, און פאר דעם געזונד פון אונזערע קראַנקע מיטגליעדער בפרט, האַלטען מיר דארום פאר נויטיג דאָס זעלבע גלייך צו באַזייטיגען אונטער אלע באַדינגונגען, און אין דעם נאָמען פון דער נאַצ. עקז., לויט די אינסטרוקציעס פון אונזער לעצטער קאָנווענשאָן, געפינען מיר פאר וויכטיג, — אלס א באַזיס פאר אונזערע ווייטערע ענטשיידונגען, — בלויז נאָך אַמאָהל פעסטצושטעלען פאר אונזערע מיטגליעדער פאציענטען, די פאלגענדע כללים:

א) קיינע אָרגאַניזירטע באַוועגונגען צווישען די פאציענטען, אין אונזער סאַניטאַריום ווי אין אַנדערע עהנליכע מעדיצינישע אינסטיטושאָנס, טאָרען ניט געשאַפען ווערען.

ב) קיין פאציענט אין סאַניטאַריום, טאָר זיך ניט מישען אין קיינע פראַגען וואָס האָבען אַ שייכות צו דער מענעדזשמענט אין פאַרוואַלטונג פון סאַניטאַריום.

ג) אלע קלאַגען און קאמפּליינס פון א פאציענט דאַרפען געמאַכט ווערען צום דאָקטאָר, צו דער סאַניטאַריום קאָמיטע אָדער צו דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע. מינדליך אָדער שריפטליך.

ד) קיין פאציענט אין סאַניטאַריום איז ניט ערלויבט צו שפּיעלען אין קאָרטען, „קרעפּס” אָדער עהנליכע „גיימס” און אויך ניט צו רויכערען.

ה) קיין פאציענט פון סאַניטאַריום, טאָר ניט פאַרלאָזען די סאַניטאַריום גראַונדס, אָהן דער ערלויבניש פון דאָקטאָר.

ו) יעדער פאציענט מוז אויספאָלגען אַלע מעדיצינישע רולס פון דאָקטאָר פון סאַניטאַריום, און פון דער מעדיקאַל אַדווייזאָרי באָאַר.

דיעזע אלע כללים וועלכע האָבען אין די אינטערעסען פון אונזער סאַניטאַריום, אויך ביז איצט געמוזט אויסגעפאָלגט ווערען, זאָלען אונטער אלע שטרענגע באַדינגונגען מוזען אָפּגעהיט ווערען אויף ווייטער. און דער יעניגער פאַציענט וואָס וועט ניט אויספאָלגען וועלכען־עס־איז פון די אָנגעצייכענטע כללים, זאָל דורך דעם אליין גלייכצייטיג אנערקענט ווערען אַלס אויסגעשלאָסען פון סאַניטאַריום.

אַלס רעזולטאַט פון אונזער אונטערזוכונג, און אַלס איינער פון די מיטלען צו פאַרזיכערען, אַז אַזעלכע און עהנליכע פּאַסירונגען וואָס האָט לעצטענס פּאַסירט אין אונזער סאַניטאַריום, זאָלען ניט ווידערהאָלט ווערען, האַלטען מיר פאַר נויטיג צו וואַרנען אלע די יעניגע פריינדע וואָס האָבען אויף פאַרשיעדענע אופנים געהאָלפען די לעצטע פּאַסירונגען. מיר האָפען און ערוואַרטען פון זיי פּאַסענדערע אויפפיהרונגען אויף ווייטער, צום גונסטען די רוה און אָרדנונג וואָס איז נויטיג פאַר זייער געזונד און פאר אונזער סאַניטאַריום.

מיר ווילען באַזונדערס וואַרנען די פריינדע: פאַליק, פון בראַנטש 278 און שוואַרץ, פון לייבאָר ליעג, בראַנטש 23, וועמעס אויפפיהרונג אין צייט פון די לעצטע פּאַסירונגען, מיר באַטראַכטען אַלס באַשטימט שעדליך פאַר אונזער סאַניטאַריום. מיר נעהמען איצט קיין שטעלונג אין באַצוג צו זייערע אויפפיהרונגען. נאָר אויב אין פאַרלויף פון איין מאָנאַט צייט וועלען די זעלבע ניט געענדערט ווערען, זאָלען זיי דאַן אויסגעשלאָסען ווערען פון סאַניטאַריום.

מיר האַלטען אויך פאַר נויטיג צו ערקלעהרען, אז מיר זיינען איבערצייגט דאָס פריינד דאַרדעק, פון בר. 305, איז איינער פון די שעדליכע פּערזאָנען אין אונזער סאַניטאַריום. נאָר נעהמענדיג אין אַכט, אַז דער זעלבער פריינד, איז שוין איניגע טעג צוריק, דיסטשאַרדזשד געוואָרען דורך אונזערע סאַניטאַריום דאָקטוירים. איז דערמיט פאַר אונז די גאַנצע פראַגע וועגען איהם געשלאָסען. מיר רעקאָמענדירען אָבער צו אונזער סאַניטאַריום קאָמיטע, אַז אויב דער זעלבער וועט פאַרלאַנגען א צווייטען מאָל אויפגענומען צו ווערען אין סאַניטאַריום, זאָל אַזאַ פאַרלאַנג, אין די אינטערעסען פון סאַניטאַריום, צוריק געוויזען ווערען.

די פאָלגענדע פּערזאָנען באַטראַכטען מיר אַלס אַזעלכע וועלכע האָבען פאַרבראָכען געגען פיעלע פון די אויבענאָנגעמערקטע כללים, און מיר זיינען דארום געקומען צום באַשלוס די זעלבע גלייך אויסצושליסען פון סאַניטאַריום:

1) פריינד לעווין פון בראַנטש 389 און 2) ראָזענצווייג, פון בראַנטש 208.

מיר פאָדערען אויך אויף אונזער סאַניטאַריום קאָמיטע, צו שרייבען באַלד צו סעקרעטער פון לייבאָר ליעג און אויפפאָדערען איהם צוריקצוציהען פון סאַניטאַריום פריינד חייט, פון בר. 23 לייבאָר ליעג.

מיר ציהען ווייטער די אויפמערקזאַמקייט פון אונזער סאַניטאַריום קאָמיטע צו דעם פאַקט: דאָס פריינד גאָלדבערג פון בראַנטש 305, פאַרלאָזענדיג דעם סאַניטאַריום אָהן דער ערלויבניש פון דאָקטאָר, האָט דורך דעם זיך זעלבסט אויטאָמאַטיש אויסגעשלאָסען פון סאַניטאַריום. די סאַניטאַריום קאָמיטע ווערט דארום אינסטרואירט, אַז דער זעלבער זאָל אונטער קיינע באַדינגונגען צוריק ניט אריינגענומען ווערען.

מיר פאָדערען אויף די סאַניטאַריום קאָמיטע, צו זעהן, אַז די גרופּע פאַציענטען, וואָס איז צוליעב דער לעצטער פּאַסירונג ארויסגעפיהרט געוואָרען פון סאַניטאַריום, זאָלען באַלד צוריק אריינגענומען ווערען, און די זעלבע זאָלען מוזען בלייבען אין סאַניטאַריום אויסער די וואָס ווילען זיך זעלבסט אויסשליסען. מיר האַלטען, אַז אין דעם ארבייטער רינג קענען ניט געשאַפען ווערען קיינע ספּעציעלע פּריווילעגיעס פאַר קיינע פון זיינע מיטגליעדער.

עס איז דער ערנסטער וואונש פון אונזער קאָמיטע, — אין דעם נאָמען פון אלע מיטגליעדער פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע, אַז אין די אינטערעסען פון אונזער אָרגאַניזאַציאָן און פון אונזער אינסטיטושאָן, זאָלען אַלע דערמאָנטע פּונקטען אויסגעפאָלגט ווערען פון יעדען מיטגליעד וואָס געפינט זיך אין סאַניטאַריום. מיר האָפען, אז יעדער פריינד וואָס איז ערנסט פאַראינטערעסירט אין דעם וואָהלזיין פון אונזער אָרגאַניזאַציאָן זאָל דאָס טאָן. אָבער אין יעדען פאַל, פאָדערען מיר באַזונדערס אויף אונזער סאַניטאַריום קאָמיטע, צו זעהן אַז דאָס זאָל אויף ווייטער אויסגעפיהרט ווערען אונטער אלע באַדינגונגען.

אב. עפּשטיין
פ. יודיש
י. אַלפּערט
י. אַלפּערט
מ. פּערלשטיין
ס. יאַקאָבי.
קאָמיטע.

פר. יודיטש גיט צו פאלגענדעס:

שבת אווענד, האבען מיר ווידער צוזאמענגערופען אלע פאציענטען, פריינד עפשטיין און דר. האלפערן האבען ביי דעם מיטינג אין גאנץ שטארקע און הארציגע רעדעס, געזוכט קלאר צו מאכען פאר זיי אויף ווי ווייט עס זיינען געווען שעדליך זייערע האנדלונגען אין סאניטאריום ביז איצט, און ווי עס איז נויטיג זיך צו האלטען און צו היטען די ארדנונג אין דער צוקונפט, אויב זיי זיינען ניט פאראינטערעסירט אז דער סאניטאריום זאל צוגעמאכט ווערען. איך האב אפ זיי פארגעלעזען אונזער אנגענומענע רעזאלוציאן, און מיט דעם האבען מיר באטראכט אונזער ארבייט פאר געענדיגט.

אויף מארגען־פריה זיינען צו אונז ווידער געקומען א קאמיטע פון די פאציענטען, מיט דעם פארלאנג אז מיר זאלען אונזערע באשליסע צוריקציהען און אז מיר זאלען פאר די פאציענטען אויך פארלייגען אלע באווייזע פון אונזערע אונטערזוכונגען. זיי האבען אונז אויך ווי געווארענט אז אויב מיר וועלען די באשליסע וועגען די אויסגעשלאסענע ניט צוריקציהען וועלען פיעלע פאציענטען מיט זיי צוזאמען דעמאנסטראטיוו פארלאזען דעם סאניטאריום. מיר האבען זיי זייערע פארלאנגען ענטזאגט און דערביי ערקלערט, אז אפילו אלע פאציענטען וועלען פארלאזען דעם סאניטאריום, קענען מיר אונזער ענטשיידונג ניט מאכען נאך מילדער ווי זי איז איצט, לויט אונזער איבערצייגונג. אויב וועלכע עס איז פאציענטען וועלען פארלאזען דעם סאניטאריום, דארפען זיי וויסען, אז זיי ווערען מיט דעם גלייכציטיג אויך אויסגעשלאסען. און וואס אנבאלאנגט באווייזע פון דער אונטערזוכונג וועלען מיר דאס צושטעלען צו די מיטגליעדער פון ארבייטער רינג ווען דאס וועט זיין נויטיג אויסער דעם סאניטאריום. דא אין סאניטאריום זיינען ניטא קיין ארגאניזאציאנען מיט קיין רעכטע דאס צו פארלאנגען. מיר באטראכטען דא אלע מיטגליעדער פון דעם ארבייטער רינג וואס קומען אהער, בלויז אלס פאציענטען וואס דארפען אויפפאסען זיך צו קורירען און געזונד צו ווערען אבער גיט צו באשעפטיגען זיך מיט קיינע ארגאניזאציאנס פאליטיק און ניט פארנעהמען זיך מיט אדמיניסטראטיווע אנגעלעגענהייטען.

אונזער קאמיטע האט געוויס ניט געהאט קיין אנגענעהמע טעג אין צייט פון אונזערע אונטערזוכונגען און ענטשיידונגען. אבער מיר האבען דאס געטאן לויט אונזער פליכט און איבערצייגונג.

פר. עפשטיין גיט צו צום רעפארט, אז מאנכע פאציענטען האבען פארשטאנען, אז זיי זיינען אויך שולדיג אין דעם טומעל וואס איז לעצטענס פאראורזאכט געווארען און זיי האבען אליין פארלאזען דעם סאנימאריום, פיהלענדיג, אז די יעניגע, וועלכע מען האט אויסגעשריבען זיינען ניט געוועזען די איינציגע שולדיגע. ער זאגט, אז די שטעלונג וואס איז איצט גענומען געווארען, האט געשאפען א פעסטערען באדען און די סאניטאריום קאמיטע וועט קענען נעהמען א שטארקערע שטעלונג אין אלע פראגען.

דער רעפארט און די האנדלונג פון דער קאמיטע ווערט גוטגעהייסען.

---

עס ווערט באשלאסען צו האבען א פארטזעצונג פון דעם מיטינג דאנערשטאג אבענד, דעם 7טען אויגוסט.

* * *

**א פארטזעצונג פון דעם מיטינג פון דער נאצ. עקזעקוטיוו קאמיטע ווערט אפגעהאלטען דאנערשטאג אבענד, דעם 7טען אויגוסט, מיט פר. אב. עפשטיין אלס טשערמאן.**

---

## רעפארט פון דער ארגאניזאציאנס קאמיטע.

פריינד דינערשטיין, טשערמאן פון דער קאמיטע באריכטעט, אז א געוויסער ברענטש אין מינעסאטא סטייט (353) איז שולדיג געוועזען הונדערט און עטליכע און דרייסיג דאלאר אין אפיס. דער פריהערדיגער סעקרעטער האט זיך פארפלאנטערט מיט די ברענטש געלדער, און האט נאכהער געלייקענט אז ער האט געשיקט די ביכער אין אפיס צו אונטערזוכען. די ביכער זיינען אין אפיס קיין מאל ניט ערהאלטען געווארען, און דער סעקרעטער האט ניט געקענט באווייזען אז ער האט די ביכער געשיקט. דיזע סומע האט געדארפט צוטיילט ווערען צווישען אלע מיטגליעדער פון ברענטש, נור ארום 17—18 מעמבערס האבען געוואלט אוועקגעהן פון ברענטש, טענה'נדיג, אז זיי האבען פינקטליך געצאהלט זייערע דיוס, און זיי ווילען ניט לײדען פון דעם איבערגעבליבענעם חוב. די מיניאפאליס דיסטריקט קאמיטע האט צו יענעם ברענטש געשיקט פארטרעטער, וועלכע האבען דעם ברענטש פארשפראכען אז דער אפיס וועט פון זיי ארונטערנעהמען דעם חוב. די נאציאנאלע ארגאניזאציאנס קאמיטע האט די זאך גרינדליך אונטערזוכט, און זיך דורכגערעדט מיט פריינד שייער, דירעקטאר פון מינעסאטא סטייט, ווען ער איז געוועזען ביים מיטינג פון דער נאציאנאלען באארד אוו דירעקטארען. עס איז באשלאסען געווארען צו שרייבען צו דער מיניאפאליס דיסטריקט קאמיטע, אז זיי האבען ניט געהאט קיין רעכט צו שיקען פארטרעטער צו שליכטען די זאך, אוידער זיי האבען זיך וועגען דעם בעראטען מיט דער נאציאנאלער ארגאניזאציאנס קאמיטע. עס איז אויך באשלאסען געווארען אויפצופאדערען דעם געוועזענעם סעקרעטער פון ברענטש צו סעטלען דעם חוב.

א צושריפט איז ארויסגעשיקט געווארען צו אלע ברענטשעס וועגען דעם קאמפיין פון 20 טויזענד נייע מעמבערס, און וועגען דעם קאמפיין צו שאפען 50 טויזענד דאלאר פאר די מלחמה קרבנות.

ס'איז באשלאסען געווארען צו דרוקען א שאו קארד פאר דעם קומענדען מעמבערשיפ קאמפיין, און 'דיזע שאו קארד פאנאנדערשיקען צו אלע סיטי און דיסטריקט קאמיטעס.

פארטרעטער פון די ברוקלינער ברענטשעס האבען זיך געווענדעט דאס די נאציאנאלע ארגאניזאציאנס קאמיטע זאל האנדלען וועגען דער פראגע פון ברוקלינער קאנווענשאן טעריטאריען קאנפערענץ, ווייסענדיג, אז די נאציאנאלע עקזעקוטיוו קאמיטע האט די זאך איבערגעגעבען צו דער נאציאנאלער ארגאניזאציאנס קאמיטע. די אויבענדערמאנטע פארטרעטער האבען ערקלערט אז ס'האנדעלט זיך דא ניט בלויז וועגען טעריטאריען קאנפערענץ, נור וועגען צווייזטיגקייטען צווישען די ברוקלינער ברענטשעס, כדי ניט געבען קיין מעגליכקייט איניגע מיטגליעדער אויסצונוצען די סיטואציאן אויף שאפען א טומעל אין די ברוקלינער ברענטשעס. זיי האבען אפעלירט אז די נאציאנאלע ארגאניזאציאנס קאמיטע זאל וועגען דעם גלייך נעהמען א שטעלונג. ס'איז באשלאסען געווארען רעקאמענדירען צו דער נאציאנאלער עקזעקוטיווע צו באוויליגען א טעריטאריעל קאנפערענץ פאר אלע ברוקלינער ברענטשעס, וועלכע ווילען זיך אן אזא קאנפערענץ באטייליגען.

אין א געוויסען ברענטש אין קענעדע, איז פארגעקומען רוויבעריען צוליעב דעם וואס א מאיאריטעט מיטגליעדער האבען געוואלט טשארטערען דעם ברענטש אלס אן ס. פ. ברענטש. די מעמבערס וועלכע זיינען געווען געגען דעם, האבען אפעלירט צום אפיס, און די נאציאנאלע ארגאניזאציאנס קאמיטע האט זיי ערקלערט אז זיי קענען דעם ארבייטער רינג ברענטש ניט טשארטערן אלס אן ס. פ. ברענטש, נור די יעניגע מעמבערס, וועלכע ווילען זיך אנשליסען אן דער פארטיי, קענען זיך אנשליסען באזונדער.

פריינדע עפשטיין און גאליעבטער זיינען געווען פארטראטען ביי דער אינסטאלליישאן פון דעם זאמאשטשער ברענטש 375. דער ברענטש איז אינסטאלירט געווארען מיט העכער 100 מעמבערס. ס'איז צו ערווארטען אז זיי וועלען אין גיכען אויסוואקסען צו זיין א ברענטש מיט א היבשע מיטגליעדערשאפט. ביי דער אינסטאלליישאן איז געזאמעלט געווארען איבער 100 דאלאר פאר דעם רעליעף פאנד.

די קאנפערענץ צו ארגאניזירען די סיטי און דיסטריקט קאמיטעס האבען זיך אנגעפאנגען. אזוי ווי מאנכע ברענטשעס האבען פארלאנגט צו האבען א גרעסערע פארטרעטערשאפט ביי די סיטי קאנפערענצען צו נאמינירען דעלעגאטען צו דער נאציאנאלער באארד אוו דירעקטארען, איז באשלאסען געווארען אז אין די קלענערע שטעדט זאלען די ברענטשעס שיקען צו 2 דעלעגאטען צו אזעלכע קאנפערענצען.

פריינד באסקין האט געצויגען די אויפמערקזאמקייט פון די נאציאנאלער ארגאניזאציאנס קאמיטע, אז ס'זיינען פאראן איניגע פעלע וואו מיטגלידער וועלכע זיינען אריינגעקומען אין ארבייטער רינג מיט 3—4 מאנאטען צוריק, ציגען זיך יעצט ארויס צו זיין קראנק אויף אדוואנסד קאנסאמפשאן. ס'איז באשלאסען געווארען אויפמערקזאם צו מאכען וועגען דעם די ברענטשעס און דיסטריקט קאמיטעס צו זעהן אז נייע קאנדידאטען זאלען קריגען א פארזיכטיגע מעדיצינישע אונטערזוכונג.

פריינד עבעריל איז געווען פארטראטען ביי דער קאנפערענץ פון דער וועסטשעסטער דיסטריקט קאמיטע. עס זיינען דארט געוועזן פארטרעטער פון 6 ברענטשעס, בלויז די ברענטשעס פון מאמאראנעק און טעריטאון האבען ניט געהאט קיין פארטרעטער. פון די באריכטען ציינט זיך ארויס אז זיי האבען פון דעם ערשטען יולי געהאט א צווואוקס פון עטליכע און פערציג מעמבערס. פריינד עבעריל האט זיי איבערגעגעבען די קוואטא פון נייע מעמבערס אין דעם יעצטיגען מעמבערשיפ קאמפיין, און זיי האבען זיך פארפליכטעט די צאהל צו שאפען. א נייע דיסטריקט קאמיטע פון 7 איז ערוועהלט געווארען, און ער האט זיי אויפ'ן פלאץ אינסטאלירט. זיי האלטען אין גרינדען א נייעם ברענטש אין ווייט פליינס. זיי האבען זיך אויך פארפליכטעט צו ארבייטען פאר דעם רעליעף פאנד, און א ספעציעלע רעליעף קאמיטע וועט ערוועהלט ווערען ביי נעקסטען מיטינג. זיי האבען באדאנקט די עקזעקוטיווע פאר שיקען צו זיי א פארטרעטער.

ער (דינערשטיין) איז געווען פארטראטען ביי דער אלבאני דיסטריקט קאנפערענץ. קיין רעפארט פון דער פריהעריגער דיסטריקט קאמיטע איז ניט אפגעגעבען געווארען, ווייל דער פריהערדיגער סעקרעטער איז אוועקגעפאהרען אין ניו יארק. א דעלעגאט צו דער קאנפערענץ, וועלכער איז געוועזן א מיטגליעד פון דער לעצטער דיסטריקט קאמיטע, האט אונאפיציעל רעפארטעט. פון די באריכטען האט זיך ארויסגעציגט אז בלויז ברענטש 320 האט געטאן אביסעל ארבייט. ברענטש 320 האט אריינגענומען 17 נייע מעמבערס, און זיי האבען פארלאנגט צו שיקען זיי די 20 דאלאר אויסגאבען וואס זיי האבען געהאט אין פארבינדונג מיט דיזער ארגאניזאציאנס ארבייט. די נאציאנאלע ארגאניזאציאנס קאמיטע האט באשלאסען זיי צו ענטפערען אז זיי זאלען זיך ווענדען וועגען דעם צו דער דיסטריקט קאמיטע, ווייל מיר צאהלען ניט קיין אויסגאבען פון איינצעלנע ברענטשעס.

א נייע דיסטריקט קאמיטע איז ערוועהלט געווארען, צו 2 פון יעדען ברענטש. אויך איז ערוועהלט געווארען א סאב קאמיטע פון 3 צו טאן גוטע ארבייט פאר ביידע קאמפיינס. זיי האבען צוגעזאגט צו ארבייטען פאר ביידע קאמפיינס.

די שיקאגא דיסטריקט קאמיטע האט פארלאנגט אז אין דעם מעמבערשיפ קאמפיין זאלען צו זייערע ברענטשעס געגעבען ווערען פרייזען אין קעש. די נאציאנאלע ארגאניזאציאנס קאמיטע האט זיי געענטפערט אז אזא זאך קען ניט באוויליגט ווערען, ווייל פרייזען ווערען פון דער נאציאנאלער ארגאניזאציאנס קאמיטע באשטימט פאר

אַלע ברענטשעס און מיטגליעדער גלייך. עס קען ניט געמאַכט ווערען קיין אויסנאַהמען צו געבען פּריזען צו מאַנכע ברענטשעס.

פריינד עפּשטיין איז געווען פאַרטראָטען ביי דער נואַרק דיסטריקט קאָנפערענץ. ס'זיינען געווען פאַרטראָטען 21 ברענטשעס דורך 36 דעלעגאַטען. לויט דעם באַריכט פון דער דיסטריקט קאָמיטע, האָבען זיי לעצטענס געטאָן זעהר גוטע ארבייט. אין דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין וואָס זיי האָבען די לעצטע צייט אָנגעפיהרט האָט זיי געלונגען אריינצונעהמען ארום 240 נייע מיטגליעדער. אויף דער איניציאַטיווע פון דער נואַרק דיסטריקט קאָמיטע איז אַראַנזשירט געוואָרען אַ גרויסע פּראָטעסט מיטינג געגען האַלטען אין טורמעס די פּאָליטישע אַרעסטירטע. אויך האָבען זיי אָרגאַניזירט אַ ריזיגען פּראָטעסט מיטינג געגען די פּאָגראָמען. ביי דער קאָנפערענץ זיינען אויך ערוועהלט געוואָרען 2 קאַנדידאַטען פאַר די נאַציאָנאַלע באָארד אָוו דירעקטאָרען. פריינד עפּשטיין האָט ביי דער קאָנפערענץ גערעדט וועגען ביידע קאַמפּיינס, און ער האָט זיך אויך אָפּגעשטעלט אויף מאַנכע פראגען וואס זיינען פארבונדען מיט בענעפיט, און זיי אָנגעצייגט אַז ס'איז נויטיג דאָס די אַקטיווע טוער פון די ברענטשעס זאָלען זעהן דאָס אונגעזעצליכע בענעפיט זאָל ניט אויסגעצאָהלט ווערען. אַ נייע דיסטריקט קאָמיטע פון 15 איז ערוועהלט געוואָרען. אורטיילענדיג פון דעם עלעמענט וואָס איז אריין אין דער נייער דיסטריקט קאָם. קען מען ערווארטען אז זיי וועלען טאָן גוטע ארבייט אין דער צוקונפט. זיי האָבען באַדאַנקט דער עקזעקוטיווע פאַר שיקען צו זיי אַ פאַרטרעטער.

פריינד יודיטש איז געווען פאַרטראָטען ביי דער ברידזשפּאָרט קאָנפערענץ, עס זיינען געווען פאַרטרעטער פון די ברידזשפּאָרט ברענטשעס ווי אויך פון ברענטש פון סאוטה נאָרוואָק. ער האָט צו זיי גערעדט וועגען דעם קאַמפּיין צו שאַפען 20 טויזענד נייע מיטגליעדער, ווי אויך וועגען דעם קאַמפּיין פון 50 טויזענד דאָלאר פאַר דעם רעליעף פאָנד. די דעלעגאַטען האָבען ביי דער קאָנפערענץ רעקאָמענדירט צו רעאָרגאַניזירען די דיסטריקט קאָמיטע, און קאָנצענטרירען די ארבייט אין ברידזשפּאָרט, וואָס איז דער צענטער אין יענעם סטייט און האָט אַ גאַנץ ברייטען פעלד פאַר טעטיגקייט. זיי האָבען אויסגעשפּראָכען די מיינונג אַז צו ברידזשפּאָרט וואָלטען געדאַרפט צוגעצויגען ווערען פאָלגענדע שטעדט: וואָטערבורי, אנסאָניא און דענבורי. ער האָט אויך גערעדט צו זיי וועגען בענעפיט פראַגען. זיי האָבען פאַרשפּראָכען צו טאָן דאָס בעסטע אין זייערע קרעפטען צו מאַכען די 2 קאַמפּיינס פאַר אַן ערפאָלג. אַ נייע דיסטריקט קאָמיטע איז ערוועהלט געוואָרען, וועלכע פריינד יודיטש האָט אויפ'ן פּלאַץ אינסטאַלירט.

נאָכדעם ווי עס ווערען געשטעלט איניגע פראגען ווערט דער רעפּאָרט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער נאַציאָנאַלער בענעפיט קאָמיטע.

פריינד דזשאַקאָבי, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט אַז דער ברענטש 117 פון סקענעקטעדי האָט צוגעשיקט סערטיפיקייטס פאר 10 מעמבערס וועלכע זיינען די מעהרסטע פון אָקטאָבער און דעצעמבער 1918. דער ברענטש האָט ערקלעהרט אַז דער פריהערדיגער סעקרעטער האָט פאַרנאַכלעסיגט פיעלע זאַכען, און צווישען דיעזע האָט ער אויך פאַרנאַכלעסיגט צו שיקען די סיק סערטיפיקייטס אין אָפיס אין צייט. זיי האָבען דאַרום געבעטען אויסצוצאָהלען די אַלע בענעפיטס וועלכע באַטרעפען ארום 150 דאָלאַר. עס איז באַשלאָסען געוואָרען איבערגעבען די פראַגע צו דער אַלבאַני דיסטריקט קאָמיטע און האַנדלען נאָכדעם ווי זיי וועלען וועגען דעם רעפּאָרטען.

ברענטש 491 פון פילאדעלפיא, וועמעס פריהערדיגער סעקרעטער האָט שרעקליך פאַרנאַכלעסיגט די ביזנעס פון ברענטש האָט צוגעשיקט סערטיפיקייטס פון אומגעפעהר אַ יאָהר צייט. פריינד גאָלדין, טשערמאַן פון דער פריהערדיגער בענעפיט קאָמיטע האָט ערקלערט, אַז זיי האָבען וועגען די בענעפיט פון דיזען ברענטש געהאַנדעלט און דאמאלס באַשלאָסען אויסצוצאָהלען אַלע בענעפיטס זייערע, וויסענדיג אַז דער ברענטש געפינט זיך אין א געדריקטען פינאַנציעלען צושטאַנד, צוליעב דעם וואָס די לעצטע סעקרעטערע זייערע האָבען זעהר פאַרנאַכלעסיגט, דעם ברענטש איינפאַך רואינירט. די בענעפיט קאָמיטע האָט באַשלאָסען די בענעפיט אויסצוצאָהלען.

ער (דזשאַקאָבי) איז געווען פאַרטראָטען ביי דער קאָנפערענץ פון דער וועסטשעסטער דיסטריקט קאָמיטע, און אויפמערקזאַם געמאַכט די דעלעגאַטען אַז דער בענעפיט סורפּלוס איז אין דער צייט פון דער עפּידעמיע אויפגעגעסען געוואָרען, און עס איז דאַרום נויטיג אַז די ברענטשעס און אַקטיווע מיטגליעדער זאָלען זעהן צו זיין פאָרזיכטיג בנוגע בענעפיטס, צו זעהן אַז אונגעזעצליכע בענעפיטס זאָלען ניט אויסגעצאָהלט ווערען.

די קאָמיטע וועגען דיסטריקט דאָקטוירים האָט געבעטען אַז די נאַציאָנאַלע בענעפיט קאָמיטע זאָל זיין פאַרטראָטען אין זייער קאָמיטע. ס'איז באַשלאָסען געוואָרען צו באַוויליגען זייער פאַרלאַנג. פריינד כפּיעך איז ערוועהלט געוואָרען צו זיין פאַרטראָטען ביי יענער קאָמיטע.

פריינד דזשאַקאָבי ערקלערט, אַז זיי באַזוכען ברענטשעס וואו עס זיינען דאָ פראַגען וועגען צווייפעלהאַפטע בענעפיטס. דער בענעפיט דעפּאַרטמענט איז יעצט אַפּ טו דייט.

פר. עפּשטיין ערקלערט, אַז די מיטגליעדער פון דער נאַצ. אָרג. קאָמיטע רעדען ביי די דיסטריקט קאָנפערענצען וועגען פראַגען וואָס האָבען אַ שייכות מיט בענעפיט.

רעפּאָרט פון דער בענעפיט קאָמיטע ווערט דאַן גוט געהייסען.

## רעפּאָפּרט פון דער גריווענס קאָמיטע.

פריינד פּערלשטיין, וויס טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט אַז אַ מעמבער פון א געוויסען ברענטש האָט אַפּעלירט געגען אַ דאָלאַר טעקס וואָס מען מאַנט פון' איהם. זיין הויפּט טענה איז באַשטאַנען אין דעם דאָס ער איז געווען געגען דיזען טעקס, און דער ברענטש האָט דאַמאָלס באַשטימט דאָס מעמבערס וועלכע וועלען ניט קענען צאָהלען דעם טעקס זאָלען דערפון באַפרייט ווערען. די פאַרטרעטער פון ברענטש האָבען מיט די פּראָטאָקאָלען פון זייער ברענטש באַוויזען אַז אַזאַ זאַך איז קיין מאָל ניט באַשלאָסען געוואָרען, און פאָלגליך איז ער פאַרפליכטעט דעם טעקס צו באַצאָהלען. די נאַציאָנאַלע גריווענס קאָמיטע האָט באַשלאָסען גוטצוהייסען די האַנדלונג פון ברענטש, און באַשטימט דאָס דער אַפּעלאַנט דאַרף באַצאָהלען דעם באַשטימטען טעקס.

ברענטש 24 האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע ניט אריינצונעהמען אין סאַניטאַריום זייערען א מעמבער, וועלכער האָט געקראָגען זיין קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט אין 1906 איידער עס איז געווען אונזער סאַניטאַריום. די נאַציאָנאַלע גריווענס קאָמיטע האָט זיי געענטפערט אַז געגען דיזער האַנדלונג פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע, קען ניט אַפּעלירט ווערען, ווייל יעדער דעפּאַרטמענט קאָמיטע מוזען פאַרוואַלטען איהר דעפּאַרטמענט אין די ראַמען פון אונזער קאָנסטיטושאָן.

1) לויט די קאָנסטיטושאָן פון סאַניטאַריום, קען די סומע פון קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט אומגעקערט ווערען אין פאַרלויף פון 6 מאָנאַטען, אום אריינגענומען צו ווערען אין סאַניטאַריום. דער באַטרעפענדער האָט אָבער געקראָגען אויסגעצאָהלט זיין בענעפיט מיט 13 יאָהר צוריק, און פאָלגליך קען דאָס געלד פון איהם ניט אָנגענומען ווערען אום אריינצונעהמען איהם אין סאַניטאַריום.

2) אַ מיטגליעד פון ארבייטער רינג איז באַרעכטיגט, ווען ער ווערט קראַנק, צו דעם בענעפיט פון דער געגענוואַרט, ווי פאָרגעצויגען אין אונזער קאָנסטיטושאָן, ער קען אָבער שפּעטער ניט מאָהנען קיין נייע בענעפיט וואס ווערט ערשטע שפּעטער איינגעפיהרט. לאָמיר זאָגען, ווען דער ארבייטער רינג האָט לעצטען יאָהר געצאָהלט בלויז 100 דאָלאר קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט נאָכדעם ווי א מיטגליעד האָט די 100 דאָלאר קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט געקראָגען, קען ער אין עטליכע יאָהר ארום ניט אומקערען די 700 דאָלאר צו קריגען 200 דאָלאר, ווייל צו יענער צייט איז 100 דאָלאר געווען די סומע פון אונזער קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט. אין 1906 האָבען מיר געהאַט בלויז קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט און ניט קיין סאַניטאַריום בענעפיט, פאָלגליך האָט ער די בענעפיט פון יענער צייט געקראָגען, און איז לוידער צו קיין סאַניטאַריום ניט באַרעכטיגט.

מאַנכע מעמבערס וועלכע האָבען אַפּעלירט געגען די באַשליסע פון די פּעטערסאָנער ברענטשעס פאַר באַשטראָפען זיי מיט געוויסע סומען פאַר אַרבייטען אויף 3 לומס, האָבען געענטפערט אַז זיי נעהמען אָן די ענטשיידונג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע, נור די ברענטשעס פאָדערען פון זיי צו קומען זיך ענטשולדיגען ביי די מיטינגען פאַר ארבייטען אויף 3 לומס אין דער פאַרגאַנגענהייט. די נאַציאָנאַלע גריווענס קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו ענטפערען אי די ברענטשעס אי די מעמבערס, אַז די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע האָט געוואָלט דאָס דיזע מיטגליעדער זאָלען נאָכקומען די באַשליסע פון דער יוניאָן און ארבייטען בלויז אויף 2 לומס, און אויב יענע קומען נאָך די ענטשיידונג פון דער עקזעקוטיוו דאַרפען די ברענטשעס ניט פאָדערען פון יענע צו קומען זיך ענטשולדיגען אין ברענטש פאַר דער פאַרגאַנגענהייט.

ער גיט איבער וועגען נאָך איניגע קייסעס, וועגען וועלכע ס'איז זיי אויסגעקומען צו האַנדלען אין פאַרלויף פון דעם מאָנאַט און דער רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע.

פריינד צביון, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט אַז זיי שטעהען יעצט אין פאַרבינדונג מיט פיעלע שטעדט, וועלכע האַלטען אין גרינדען ארבייטער רינג שולען. די אידישע ארבייטער רינג שולען זיינען יעצט געוואָרען אַ וויכטיגער פאַקטאָר אין דעם לעבען פון דעם ארבייטער רינג בכלל און אויף דער אידישער ארבייטער גאַס אין דער פּראָווינץ בפרט. עס איז אָבער דאָ אַ מאַנגעל אין לעהרער, און די עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע האָפט אַז די לעהרער קורסען וועלכע וועלען ערעפענט ווערען, וועלען קענען באַפרידיגען די באַדירפניסע פון נייע לעהרער.

דער ארבייטער רינג כאָר ווערט יעצט רעאָרגאַניזירט און איז צייטווייליג פאַנאַנדערגעלאָזען געוואָרען אויף די מאָנאַטען יולי און אויגוסט. אין פאַרלויף פון דיעזע 2 מאָנאַטען וועלען קיין פּראָבען ניט אָפּגעהאלטען ווערען, און דער כאָר וועט קענען רעאָרגאַניזירט ווערען אום איהם אַוועקצושטעלען אויף אַ געזינדערען באָדען. צו רעאָרגאַניזירען דעם כאָר איז ערוועהלט געוואָרען אַ ספּעציעלע קאָמיטע, באַשטעהענד פון סעקרעטער פון דער נאַציאָנאַלער עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע, פון דער סיטי עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע, פון כאָר און פון דער אַלגעמיינער קאָמיסיע פון די אַרבייטער רינג שולען. די סיטי עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע האָט אויסגעארבייט פאָלגענדען פּלאַן פאַר טעטיגקייט פאַר דעם קומענדען סיזאָן:

1) צו גרינדען אַ רעדנער קורס.

2) אָרגאַניזירען ערשטע מאַי אונטערנעהמונגען אין פאַרשיעדענע טיילען פון שטאָדט.
3) אָרגאַניזירען קאָנצערטען און אונטערנעהמונגען פאַר ברענטשעס, די ברענטשעס אַליין זאָלען דעקען די הויפּט הוצאות און אַ טייל פון די אויסגאַבען זאָלען געדעקט ווערען פון דער סיטי עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע.
4) באַזובונגען אין פאַרשידענע שטאָדטישע מיוזעאומס.
5) גרינדען סאָשעל צענטערס אין די העדקוואָרטערס פון די אַרבייטער רינג שולען.

ווי עס איז צו זעהן, איז דער פּלאַן אַ גאַנץ ברייטער און פאָדערט אַ גרויסע סומע געלד די אַרבייט דורכצופיהרען. די נאַציאָנאַלע עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט פאַר זיי באַשטימט אַ בודזשעט פון 2,000 דאָלאַר, בעהמענדיג אין אַנבאַטראַכט אַז ניו יאָרק האָט דאָך אַ העלפט פון דער גאַנצער מיטגליעדערשאַפט פון דעם אַרבייטער רינג. נאָכדעם ווי עס ווערען געשטעלט איניגע פראַגען ווערט דער רעפּאָרט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער אַפּיס קאָמיטע.

פריינד ישורון, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט אַז אַ טשעק איז געשיקט געוואָרען צו דער „איוליען פּראָפּערטי קאַסטאָדיען" פאַר אַ רוסישען טויטען קיים. דער „איוליען פּראָפּערטי קאַסטאָדיען" האָט צוריקגעשיקט דעם טשעק, ערקלערענדיג. אַז דאָס באַלאַנגט ניט צו איהם.

די אָפּיס קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו שיקען אַ בריעף צו אַלע ברענטשעס, אַז זיי זאָלען זעהן אָנצושטעלען קאָמפּעטענטע סעקרעטערע, ווען אפילו מען וועט דאַרפען צאָהלען מעהר ווי די סעקרעטערע קריגען יעצט.

דער אודיטאָר מר. פּראָבערטס האָט צוגעשיקט אַ ביל אויף 250 דאָלאַר, מיט 50 דאָל. מעהר ווי די רעגולער ביל, — ווייל ער האָט געהאָט עקסטראַ אַרבייט פאַר דער צייט פון דער עפּידעמיע. עס איז באַשלאָסען געוואָרען דעם ביל אויסצוצאָהלען. דער אודיטינג דעפּאַרטמענט האָט יעצט די ביכער פון 12 ברענטשעס צו אונטערזוכען, אַזוי ווי אין אודיטינג דעפּאַרטמענט אַרבייט יעצט נור איינער אַנשטאַט 2 פּערזאָן, און פיעלע ברענטשעס ווילען האָבען צוריק די ביכער, אום זיי זאָלען קענען אַרויסשיקען בילס אין צייט, קומט אויס צו אַרביימען אָווער־טיים אין אודיטינג דעפּאַרטמענט.

אונזערע עקטשוערער, מר. עלדרידזש האָט ערקלערט, אַז פאַר די 1,000 דאלאר פּאליסים וועט מען קענען נעהמען אַלס באַזיס די יעצטיגע רייטס. די 1,000 דאלאר פּאליסים וועט אריין אין קראַפט דעם ערשטען יאַנואַרי 1920.

די קענעדער ברענטשעס האָבען פאַרלאַנגט אַז מען זאָל זיי ערלויבען מאַכען זייערע איינצאהלונגען אין אָפּיס מיט קענעדער דאָלארס, דאָס הייסט, לויט דעם קורס פון קענעדע און ניט פון אַמעריקאַנעם דאָלאַר. ס'איז באַשלאָסען געוואָרען זיי צו ענטפערען אַז מיר קענען זייער פאַרלאַנג ניט באַוויליגען, ווייל מיר צאָהלען אַלע בענעפיטס צו זיי אין אַמעריקאַנער דאָלאַרס, און פאָלגליך דאַרפען זיי מאַכען זייערע צאָהלונגען אין דעם ווערט פון דעם אַמעריקאַנעם דאָלאַר. ס'איז באַשלאָסען געוואָרען צו ציהען די אויפמערקזאַמקייט פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווו, אַז טשעקס ווּעלען פון דער אָפּיס קאָמיטע ניט „אָ קיי" ווערען אויב די וואָוטשערס וועלען ניט אונטערשריבען ווערען פון דער באַטרעפענדער קאָמיטע פון וועמען די אויסגאַבען וועלען געמאַכט ווערען, און וואָוטשערס פון איינצעלנע מיטגליעדער זאָלען אונטערגעשריבען ווערען פון דער קאָמיטע צו וועלכע זיי באַלאַנגען אָדער פון דער קאָמיטע וועלכע האָט באַשטימט זייערע אויסגאַבען.

ברענטש 256 פון נוּאַרק האָט געהאַט אַ טויטען פאַל פון איינעם וועלכער איז פאַרגעשלאָגען געוואָרען ביי זיי אין ברענטש, און וועמעס אפּליקיישאָן איז צוריקגעשיקט געוואָרען צום ברענטש צו קאָריגירען. דער אפּליקיישאָן איז דורך פּאָסט פאַרלאָרען געגאַנגען, און דער באַטרעפענדער איז אין פאַרלויף פון דער צייט געשטאָרבען. אונזער ליגעל אדווייזער האָט רעקאָמענדירט די בענעפיט אויסצוצאָהלען אויף דעם גרונד וואָס דער אפּליקיישאָן איז געווען אין אָפּיס, און איז צוריקגעשיקט געוואָרען אין ברענטש בלויז צוליעב טעכנישע אורזאַכען. דער ליגעל אדווייזער איז מיט דער מיינונג, אַז דער ברענטש דאַרף בלויז צושטעלען אַ דובליקאַט אפּליקיישאָן, ריכטיג אויסגעפילט פון דאָקטאָר און פון ברענטש. די אָפּיס קאָמיטע האָט באַשלאָסען אָנצונעהמען די רעקאָמענדיישאָן.

ס'איז באַשלאָסען געוואָרען צו העכערען די אינשורענס פון אָפּיס פון 9 טויזענד אויף 15 טויזענד דאָלאַר, ווייל מיר האָבען יעצט אַ גרויסען סטאָק פון סטיישענערי, ביכער א. ד. גל.

לויט דעם לעצטען קאָנווענשאָן רעפערענדום דאַרפען מעמבערס פון קלאַס 1 וועלכע זיינען אין ארבייטער רינג אריין איידער די פּראָוויזנאַל רייטס זיינען אריין אין קראַפט, אין דעם עלטער פון 34, ניט צאָהלען מעהר ווי $1.75 פער קוואַרטאַל פאַר $400 און דער באַלאַנס זאָל גוטגעמאַכט ווערען פון דעם 1 פּראָצענט פאָנד. אַזוי ווי דאָס קען ארויסרופען אונצופריעדענהייט פון דעם אינשורענס קאָמישאָנער, ווייל צוליעב דעם וועט אויסקומען אַרויסצוציהען היבשע סומען יעדען יאָהר פון דעם 1 פּראָצענט פאָנד וועלכער איז אויך אונזער רעזערוו פאָנד, האָט די אָפּיס קאָמיטע באַשלאָסען צו ציהען דערצו די אויפמערקזאַמקייט צו דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווו און רעקאָמענדירען אַז דיזער פּונקט פון רעפערענדום זאָל ערקלערט ווערען מער גוט בולטוב.

ס'איז באַשלאָסען געוואָרען צו קויפען 2 נייע זייגערס, איינער פאַר דעם אָפּיס און איינער פאַר דער עקזעקוטיווו רום.

ס'איז באַשטימט געוואָרען אַז נאָך דעם ווי עס וועט זיך ענדיגען די וועקיישאָן פאַר די אָנגעשטעלטע, זאָל מען אָנפאַנגען אונטערזוכען וועד עס זיינען די בענעפישערים פון די מעמבערס וועלכע האָבען געהייראַט אין פאַרלויף פון דער צייט זייט זיי האָבען זיך אָנגעשלאָסען אָן ארבייטער רינג.

אין אודיטינג דעפּאַרטמענט אַרבייט דערווייל בלויז פר. הלל זאַק. די אָפּיס קאָמיטע וועט שפּעטער זעהן אָנשטעלען נאָך אַן אודיטאָר. די ארבייט, פון אודיטינג דעפּאַרטמענט ווערט אָבער יעצט פאַרנאַכלעסיגט.

ס'איז באַשטימט געוואָרען צו קויפען אַ סייף, וואו עס זאָלען געהאַלטען ווערען די אַלטע רעקאָרדס.

פריינד באַסקין, עפּשטיין און ער זיינען געווען אין וואָלט און אונטערזוכט די באָנדס און מאָרטגיידזש סערטיפיקייטס. זיי האָבען געפונען אַלעס אין אָרדנונג, לויט אונזערע רעקאָרדס, באַשטעטיגט פון אודיטאָר.

אַ געוויסע מרס. סאלאמאן האָט זיך געווענדעט, דאָס איהר מאַן איז, פאַרגעשלאָגען געוואָרען אַלס מעמבער אין בר. 513, נאָר דער ברענטש האָט איהם צוריקגעוויזען. ער האָט איינגעצאָהלט איינטריטס־געלד און אויך אונטערזוכט געוואָרען פון דאָקטאָר. אַזוי־ווי ער איז איצט קראַנק, טענה'עט זי, אז ער איז אַ געזעצליכער מעמבער פון א. ר. די אָפּיס קאָמיטע האָט וועגען דעם אָנגעפרעגט ביי בר. 513, וועלכער האָט געענטפערט, אַז ווען זיי האָבען ערפאַהרען, אַז ער איז ניט פּאַסענד אַלס מעמבער פאַר'ן א. ר. האָט דער סעק. פון ברענטש צוריסען זיין אפּליקיישאָן. זיי האָבען איהם געוואָלט אומקעהרען די איינטריטס־געלד, נאָר ער האָט דאָס געלד ניט געוואָלט נעהמען. אונזער ליגעל אדווייזער איז מיט דער מיינונג, אַז סאלאמאַן'ס טענות זיינען ניט קיין באַרעכטיגטע.

בר. 484 האָט אָנגעפרעגט, ווי צו האַנדלען וועגען אַ מעמבער, וועלכער איז פאַר'משפּט געוואָרען אין גנבה פון א קאורט און איז איצט אַרעסטירט. די אָפּיס קאָמיטע האָט באַשלאָסען זיי ענטפערען, אַז דער ברענטש זאָל האַנדלען מיט איהם אויף אַ געזעצליכען אופן, לויט אונזער קאָנסטיטושאָן.

דער רוסישער בר. 468 האָט פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל זעהן, דאָס די צושריפטען וואָס ברענטשעס שיקען צו זיי זאָלען זיין אין רוסיש אָדער ענגליש. די אָפּיס קאָמיטע האָט זיי געענטפערט, אַז די צושריפטען פון אָפּיס וועלען צו זיי געשיקט ווערען אין איינער פון די שפּראַכען, אָבער איבער די שריפטען פון אינדיווידועלע ברענטשעס האָבען מיר ניט קיין יורידיקציע.

די אָפּיס קאָמיטע רעקאָמענדירט, אַז טשעקס זאָלען ניט אונטערשריבען ווערען, אויב די וואָוטשערס וועלען ניט גוטגעהייסען ווערען פון דער קאָמיטע, וועלכע האָט געהאַנדעלט וועגען דער באַטרעפענדער אויסגאַבע. זיי וועלען אינסטרואירען דעם סעקרעטער ניט צו דעם טשערמאַן און טרעזשורער אונטערצושרייבען אַזעלכע טשעקס.

פריינד ישורון ערקלערט, אַז זיי האָבען אונטערזוכט די ציפערען פון די חובות פון דעטראָיט קאָנווענשאָן קאָמיטע. די אָפּיס קאָמיטע רעקאָמענדירט צו פאָדערען פון זיי אַ פאָלשטענדיגען רעפּאָרט פון אַלע אויסגאַבען און איינגאַהמען, ווי אויך אַלע אָריגינעלע בילס.

ער באַריכטעט, אַז זיי האָבען באַשלאָסען צו העכערען די שכירות פון די אָפּיס אָנגעשטעלטע פון 2 ביז 5 דאָל. אַ וואָך.

---

עס ווערט באַשטימט צו באַאויפטראגען די אָפּיס קאָמיטע צו בעטען ביי דער דעטראָיט קאָנווענשאָן קאָמיטע אַלע בילס — סיי די אויסגעצאָהלטע — און דאַן האַנדלען וועגען זייער פאַרלאַנג.

דער רעפּאָרט פון דער אָפּיס קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

## סעקרעטער'ס רעפּאָרט.

פריינד באַסקין, דזשענעראַל סעקרעטער, באַריכטעט, אַז דער אָנפאַנג פון מעמבערשיפּ קאַמפּיין פאַרשפּרעכט גוטע רעזולטאַטען. לעצטען קוואַרטאַל זיינען אריינגענומען געוואָרען 4,104 נייע מעמבערס. געשטראָכען געוואָרען זיינען 1659 און 278 האָבען זיך רעאינסטיוטעט.

מיר האָבען נאָך אין דער אַרמעע ארום 1,100 מיטגליעדער. דער פאָנד צו דעקען די דיוס פון די געדרעפּטעטע באַטרעפט $9,498.33. אַ טעקס פון 5 סענט פער מעמבער פער קוואַרטאַל וועט זיין גענוג צו דעקען די נויטיגע אויסגאַבען פון דיוס פאַר די איבעריגע מיטגליעדער, וועלכע געפינען זיך נאָך אין דער ארמעע.

עס ווערען יעצט געמאַכט אַלע פאָרבערייטונגען פאַר דעם קאַמפּיין פון $50,000 פאַר'ן רעליעף פאָנד. אין אָפּיס איז ביז איצט אריינגעקומען $3,358 פאַר דעם פאָנד.

ער דייטעט אָן, אַז די לעצטע עטליכע קוואַרטאַלען זיינען קיין אינוועסטמענטס ניט געמאַכט געוואָרען, אָבער ער דענקט, אַז מען וועט קענען מאַכען אַן אינוועסטמענט אין מאָנאַט סעפּטעמבער.

מיר האָבען געקראָגען לייסענס אין טעקסעס סטייט, וואו מיר האָבען געהאַט שוועריגקייטען צו קריגען אַ טשאַרטער די לעגאַל קאַמיטע האָפט אויך צו קריגען טשאַרטערס אין נאָך איניגע סטייטס.

פר. באַסקין ערקלערט, אַז מאַנכע סטייט אינשורענס דעפּאַרטמענטס ווילען האָבען אַן אודיטינג רעפּאָרט פון ניו יאָרק סטייט אינשורענס דעפּאַרטמענט, איידער זיי גיבען ארויס אַ טשאַרטער. עס

וועט דארום נויטיג זיין ווידער איינצולאדען דעם ניו יארק סטייט אינשורענס דעפארטמענט צו אודיטען אונזערע ביכער.
רעפארט פון סעק. ווערט גוטגעהייסען.

## רעפארט פון דער סאנאטאריום קאמיטע.

פריינד גוסקין, טשערמאן פון דער קאמיטע, באריכטעט, אז די אנגעשטעלטע פון סאנאטאריום האבען פארלאנגט צו העכערען זייערע שכירות. מען האט זיי ערקלערט אז ווען דער נייער דאקטאר וועט אנקומען וועט ער באשטימען וועגען העכערען די געהאלט פון די אנגעשטעלטע, און יענע, וועמעס שכירות ס'וועט געהעכערט ווערען, וועלען קריגען „בעק פעי".

אין סאנאטאריום פיהלט זיך יעצט א מאנגעל אין פאסענדע אנגעשטעלטע. ס'זיינען אוועקגעגאנגען דער לאונדרי מאן, דער שאופיר, מאנכע מייטראנס האבען פארלאזען דעם פלאץ. א מייטראן איז שווער געווען צו קריגען.

ברענטש 305 האט געבעטען צו זיין פארטראטען ביי א קאנפערענץ וואס זיי וועלען פוררופען פון אלע ברענטשעס אין פילאדעלפיא אום זיך דורכצורעדען וועגען מאנכע סאנאטאריום פראגען. אבער אנשטאט א קאנפערענץ האט ברענטש 305 ארגאנזירט א געמיינשאפטליכען מיטינג, ניט אנפרעגענדיג זיך זאגאר ביי דער סאנאטאריום קאמיטע. אין פרינציפ האט די סאנאטאריום קאמיטע גאר ניט אויסצוזעצען געגען א דזשאינט מיטינג, נור אזוי ווי צו דזשאינט מיטינגען קומען געוועהנליך בלויז יענע מיטגליעדער וועמען די באטרעפענדע פראגע אינטערעסירט, און די ברייטע מעמבערשיפ איז נאכהער אזוי ווייניג באקאנט מיט די פאקטען ווי פריהער, האט די סאנאטאריום קאמיטע באשלאסען צו רופען א קאנפערענץ וואו פארטרעטער פון אלע ברענטשעס פון פילאדעלפיא זאלען זיין אנוועזענד. אויב אין פילאדעלפיא זיינען פארשפרייט געווארען קלאנגען וועגען אינערליכען לעבען אין סאנאטאריום, איז נויטווענדיג אז די ברייטע מיטגליעדערשאפט פון פילאדעלפיא זאל זיין באקאנט מיט די איינצעלהייטען, מיט דעם וואס ס'איז פארגעקומען און וואס ס'קומט יעצט פאר אין סאנאטאריום. עס איז דארום איבערגעגעבען געווארען צו דער פילאדעלפיער דיסטריקט קאמיטע צו ארגאנזירען אזא קאנפערענץ אזוי שנעל ווי מעגליך, און לאזען וויסען אלע ארטיגע ברענטשעס צו ערוועהלען זייערע דעלעגאטען. א בריעף איז אויך וועגען דעם געשיקט געווארען צו ברענטש 305.

אלס מעדיקאל דירעקטאר און סופעראינטענדענט פון אונזער סאנאטאריום איז אנגעשטעלט געווארען דר. פיש, וועלכער איז א באוואוסטער דאקטאר אויף טובערקולאזיס, און איז געוועז פארבונדען מיט פארשיעדענע סאנאטאריומס פאר קאנסאמפטיווס. דאקטאר פיש שטעהט נאהענט צו דער ארבייטער באוועגונג, און אלס אזעלכען איז צו ערווארטען אז אונזער סאנאטאריום וועט פאר איהם נים זיין פרעמד, זאגאר באלד פון אנפאנג. ער וועט אנקומען אין סאנאטאריום ארום דעם 10טען אויגוסט. דר. ראזענבערג האט פארלאזען דעם סאנאטאריום דעם 1טען אויגוסט.

א מאדערנער אפאראט וואס גיט אלע מאל קאלטע וואסער איז אוועקגעשטעלט געווארען אין די לענ-טוס פאר די פאציענטען.

בר. 459 האט אנגעפרעגט צי אלס באצאהלטע פאציענטין קען אריינגענומען ווערען א פרוי פון א מעמבער, וועלכער איז נאך נים קיין יאהר אין ארבייטער רינג. די סאנאטאריום קאמיטע האט באשלאסען די פראגע איבערגעבען צו דער נאצ. עקזעקוטיוו.

א מעמבער פון א נויארקער ברענטש בעט אריינצונעהמען זיין כלה אלס באצאהלטע פאציענטין. ס'איז באשלאסען געווארען צו רעפארטען וועגען דעם צו דער נאצ. עקזעקוטיוו קאמיטע.

דר. פיש. וועלכער איז אנגעשטעלט געווארען אלס מעדיקאל דירעקטאר און סופעראינטענדענט, וועט ענדע וואך קומען אין סאנאטאריום איבערצונעהמען דעם אמט.

די סאנאטאריום קאמיטע האט באשלאסען צו קויפען אן אויטאמאביל, ווייל אונזער אויטאמאביל איז שוין אלט און אפגעניצט.

---

עס ווערט באשטימט, אז די פרוי פון א מעמבער, וועלכער איז נאך נים קיין יאהר אין א. ר., זאל ניט נים אריינגענומען ווערען אלס באצאהלטע פאציענטין, ווייל אויב ער אליין איז נים בארעכטיגט צו סאנאטאריום איז זיין פרוי, וועלכע איז נים קיין מעמבערין, אודאי נים בארעכטיגט.

---

עס ווערט אויך באשלאסען נים אריינצונעהמען אלס באצאהלטע פאציענטין א כלה פון א מעמבער, ווייל לויט דעם רעפערענדום קענען אלס באצאהלטע פאציענטען אריינגענומען ווערען בלויז פרויען און קינדער פון מיטגליעדער (קינדער אין דער עלטער פון 16 ביז 20 יאהר.)

דער רעפארט פון דער סאנאטאריום קאמיטע ווערט דאן גוטגעהייסען.

### וועגען ערעפנונג פון קומענדער קאנווענשאן.

פריינד אלפערט ערקלערט, אז דער איינציגער האל אין נוארק וואס איז פאסענד פאר דער ערעפנונג פון קאנווענשאן, קען גענומען ווערען בלויז אויף זונטאג, דעם 2טען מאי, 1920. די ארבייטער רינג מעמבערס פון נוארק האבען דארום באשלאסען לאזען וויסען די נאצ. עקזעקוטיוו, אז דאס איז דער איינציגער דייט, וואן די קומענדע קאנווענשאן אין נוארק וועט קענען ערעפענט ווערען.

עס ווערט באשלאסען צו ערעפענען די קומענדע קאנווענשאן זונטאג, דעם 2טען מאי, און אינסטרואירען די נוארק קאנווענשאן קאמיטע צו נעהמען דעם האל פון'ם 2טען ביז'ן 7טען מאי.

פ. נעליעבטער, רעקארדינג סעק.

---

ווערטהער פריינד פון קינדער און רעדאקטאר פון „פריינד":

איך בין א מיידעל צעהן יאהר אלט, מיין פאטער האט גאנצע פעק מיט צייטונגען און ביכער און איז שטענדיג פארטיעפט איבער זיי. ווען איך פרעג איהם — וואס לעזטו פא? זאגט ער — „עס איז נישט פאר קינדער, וועסט עלטער ווערען וועסטו וויסען." עס ווילט זיך אבער ש ו י ן י ע צ ט וויסען. וואס בין איך שולדיג, אז איך בין א קינד?

אזוי פלעגט פארקומען ביז מיט נישט לאנג צוריק. נאר אזוי ווי איהר האט אנגעהויבען אין אייער זשורנאל „דער פריינד" צו דרוקען שעהנע געשיכטען פאר קינדער אזוי האט שוין דער פא גענומען עס פאר מיר לעזען. איך געדענק נאך די ערשטע געשיכטע מיט דעם „האז וואס איז געווארען קליין" און פון דאן אן לעזט ער פאר מיר אלע חודש די געשיכטען. איבערהויפט בין איך ענטציקט געווארען פון דער מעשה מיט'ן שווארץ-קינצלער, וואס מאכט אזעלכע וואונדערבארע קונצען און האט אליין גארנישט דערפון. איך וואלט שווערען, אז איך פארשטעה וועמען דער שרייבער האט געמיינט מיט דעם...

אויפריכטיג אייערע

לאה סארקין, ליווינגסטאן-מאנאר, נ. י.

---

### רעזאלוציאן פון ברענטש 224 א. ר.

אזוי ווי דער יעהרליכער מיטינג פון דער היברו אימיגראנט אייד סאסייעטי פון דעם 9טען מערץ איז פון אייניגע פערזאנען אויסגענוצט געווארען פאר אן אויסגערעכענטער אטאקע אויף דעם ראדיקאלען סאציאליסטישען עלעמענט און פארוואנדעלט געווארען אין א ציוניסטישער פארזאמלונג, און נעמענדיג אין אנבאטראכט, אז די היברו אימיגראנט אייד סאסייעטי איז געשטיצט פון דער גאנצער אידישער באפעלקערונג, פון וועלכער דער סאציאליסטישער עלעמענט טראגט א גרויסען חלק אין דער אויפהאלטונג פון דיזער אינסטיטושאן, פראטעסטירען מיר געגען דער אראנדזשמענט פון דיזען מיטינג אויסצונוצען איהם פאר צוועקען מיט וועלכע ער האט קיין שייכות נים. מיר ערווארטען, אז אין דער צוקונפט וועלען די פארוואלטער פון דער היברו אימיגראנט אייד סאסייעטי, איינלאדענדיג דעלעגאטען פון פארשיעדענע ארגאניזאציאנען, רעכענען זיך מיט דעם גייסט פון דער ארבייטערשאפט און וועט נים ערלויבען אויסצונוצען דיזע אינסטיטושאן פאר העצעס און אטאקעס אויף סאציאליסטען.

וויטעבסקער ארג. פון בונד, בר. 224 א. ר.

---

בר. 46 א. ר. מאכט באקאנט, אז צוליעב פינאנציעלע אומשטענדען ווערט די טרעזשורי פון ברענטש פארשלאסען פאר פרעמדע ביז דעם 1טען אקטאבער 1919.

### רעזאלוציאנען

מיר, דער קארל ליעבקנעכט און ראזא לוקסעמבורג" א. ר. בר. 620, פארהאנדלענדיג די פראגע וועגען שטיצען די „קאלל פרינטינג פלענט", האבען באשלאסען:

1) מיר פארשטעהען, אז א צייטונג, וועלכע ליגט אין די הענד פון א פריוואט קאמפאניע מיט „סאציאליסטישע" טענדענצען, קען אונטער קיינע אומשטענדען נים ענטשפרעכען דעם ווילען פון דער פארטיי.

2) מיר קענען שטיצען די „קאלל" אדער אנדערע „סאציאליסטישע צייטונגען בלויז דאן, ווען זיי אדער זיי זייען דאס אייגענטום פון דער סאציאליסטישער פארטיי.

ס. ראזען, סעק.

רעדאקציאנס באמערקונג: אונזערע פריינד פון בר. 620 האבען געווים גוט געמיינט, אבער שלעכט געטאן: די ערשטע רעזאלוציע, וואס דער ברענטש האט פארעפענטליכט, האט געדארפט זיין גאר פון אן אנדער כאראקטער...

---

### רעזאלוציאן פון ברענטש 259.

אין אנבאטראכט דאס אונזער דעלעגאט צום פאר-קאנפערענץ פאר דעלעגאטען צו דער קאנווענשאן האט באריכטעט או זאויך געצייגט א צעטעלע וואס אן ארגאניזירטע גרופע האט פריהער אויסגעארבייט פון אלע 16 קאנדידאטען, וועלכע האבען געדארפט ארויף אויפ'ן באלאט, און צעטעלך זייבען אויסגעטיילט געווארען צו די, וועלכע האבען געמוזט שטימען נאר פאר די 116 און נים פאר קיינע אנדערע,

באשליסען מיר אויסצודריקען אונזער שטארקסטען פראטעסט געגען אזא האנדלונג און מיר שיקען צוריק דעם רעפערענדום באלאט צו די יעניגע, וועלכע זיינען פאראנטווארטליך פאר דעם. מיר פאדערען אויף די עקזעקוטיווע, דאס א שטעלונג זאל גענומען ווערען, דאס אזעלכעס זאל אין א. ר. נים פאסירען.

ג א ל ד מ א ן, ס ט י י נ ז ע ר און פ י ש ב י י ן,

רעזאלוציאנס-קאמיטע בר. 259.

ב א מ ע ר ק ו נ ג פ ו ן ד ע ר ר ע ד א ק צ י ע: אויף ווי ווייט אונז איז באקאנט, האט יעדע גרופע דאס רעכט צו אגיטירען פאר איהר קאנדידאטען מיט אלע כשר'ע מיטלען, פון וועלכע, אונז דוכט זיך, פארשפרייטען צעטעלאך איז די אנגענומסטע. נאטירליך דארף י ע ד ע גרופע האבען דיזעלבע רעכט.

מיר ווארפען אהער
א זודיגע טרעהר —
און לעגען א קראנץ אייך
פון בלומען . . .

און בויגען דעם קאפ
מיט טרויער אראפ,
אין צער, אין טיעפען, אין
שטומען . . .

אין אנבאטראכט דאס אונזער פריינד דר. הענרי זימערמאן איז געפאלען אלס קרבן פון אן אומפאראנטווארטליכער פערזאן און אז ער איז געוועזען איינער פון אונזערע נאבעלסטע פערזענליכקייטען פון אונזער ברענטש און פון דער אידישער קהילה פון ספרינגפיעלד, באשליסען מיר צו פארדאמען דיזע שוידערליכע טאט מיט די שטארקסטע ווערטער, און מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטע סימפאטיע צו דעם פארשטארבענעם'ס פאמיליע און אונזער שטארקסטען באדויערען צו זייער און אונזער גרויסען פארלוסט.
א. פעשער, פ. סענדער, ל. ל. בר. 16.

---

מיר באדויערען זעהר דעם פירהצייטיגען טויט פון אונזער מעמבער, מייער זינגער, וואס ער איז געשטארבען דזשון דעם 7-טען, 1919. און מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטע סימפאטיע צו דער יונגער אלמנה און קינד. — י. וואטקין, א. ליפשיץ, רעז קא. בר. 175.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען צער און מיטגעפיהל צו אונזער באליעבטען און געאכטעטען סעקרעטער, מ. גאבעל, אויף דעם פארלוסט פון זיין בליהענדער יונגער טאכטער. מיר האבען נישט קיין טרייסט־ווערטער צו אזא גרויסען אומגליק. זאל די צייט היילען די וואונדען פון די אין טרויער־געזעצטע עלטערען. —
יאנקערס, בר. 268, א. ר.

---

מיט טיעפען טרויער באדויערען מיר, די מעמבערס פון מינסקער ברענטש 305, דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פריינדינע סיליא שיפרין (די טאכטער פון פריינדינע ראזא סמיט), איבערלאזענדיג א ביבעלע פון 2 וואכען אלט. מיר דריקען אויס אונזער טרייסט און סימפאטיע צו איהר מאן און פריינד, גייטען שיפרין און מוטער ראזא סמיט. מיט טרויער — א. עטינגער, סעקרעטער.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען טרויער און שמערץ איבער דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פריינד אייבראם שיפקאוויטץ, וועלכער האט טריי און איבערגעבען געארבייט פאר אונזער ברענטש און איז אוועקגעריסען געווארען פון אונז אין רעכטען צליהונג פון זיין לעבען. אויך דריקען מיר אויס אונזער טיעפסטען מיטגעפיהל צו זיין גאנצער פאמיליע.
בר. 255 א. ר. מאקס ליבמענפעלד, רעק. סעק.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען שמערץ און טרויער אויף דעם פארלוסט פון אונזערע צוויי פריינדע, צוויי ברידער, דזשאו הילבערט, 31 יאהר אלט, און הייסאן הילבערטה, 29 יאהר אלט. הייסאן הילבערטה איז געפאלען אין שלאכט עטליכע טעג פאר'ן וואפענשטילשטאנד און דזשאו הילבערטה איז געשטארבען דעם 26טען מארטש פון אינפלוענציע. מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטע סימפאטיע צום אלטען פאטער, ווי אויך צו דער פרוי און קינד פון דזשא הילבערטה.
ה. עדעלמאן, סעק. בר. 15.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 263, דריקען אויס אונזער טיעפסטען באדויערען צו אונזער אלטע, טעטיגע פריינדינע ט. נערא, אויף דעם פלוצליכען טויט פון איהר יונגע, בליהענדע, 23 יעהריגע טאכטער. מיר ווינשען, אז די צייט זאל היילען איהרע שמערצען. — דזש. שטערען, פינ. סעק.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען צער און רייסען קריעה אויף דעם אונגליק, וואס האט אונזער בר. געטראפען מיט דעם טויט, דורך אן אויטאמאביל־עקסידענט, פון אונזער טייערען, איבערגעגעבענעם פריינד און טוער פון בר. פאר דער גאנצער צייט פון זיין עקזיסטענץ, הערי קופערמאן פון מאנטיסעלא, 32 יאהר אלט. — אין טרויער, — בר. 271 ראטענער יוגענד.

---

מיר באדויערען זעהר דעם טויט פון אונזער פריינד'ס א. מאיעווסקי'ס טאכטער, פעני מאיעווסקי, וואס איז געשטארבען דעם 25טען אקטאבער, און דריקען דערמיט אויס אונזער טיעפען מיטגעפיהל צו די טרויערענדע עלטערען. — ל. גאלינסקי, סעקר. בר. 146.

---

מיט גרויס באדויערען מעלדען מיר וועגען דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער יונג פארשטארבענעם פריינד דזש. בייסעס. ניט לאנג א מעמבער אין א. ר. האט ער זיך דאך געמאכט נוצליך אין פארשיעדענע קאמיטעס מיט זיין גאנצען ערענסט. צוזאמען מיט זיינע עלטערען און אלע זיינע פריינד פארגיסען מיר אויך א טרעהר אויף זיין פרישען קבר. עהרע זיין אנדענקען!
ביאליסטאקער ברענטש 88, ארב. רינג.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען באדויערען און מיטגעפיהל אויף דעם פארלוסט, וואס אונזער פריינד וויליאם זיידעמאן האט ערליטען דורך דעם פריהצייטיגען טויט פון זיין פרוי.
מאקס ליכטענפעלד, סעק. בר. 255 א. ר.

---

שעקספיער פלעגט זאגען: „זיי טריי צו זיך אליין” און מארקס האט צוגעגעבען: „און צו דיין אייגענעם קלאס”.

* * *

פאדארעווסקי קלייבט נחת פון זיין קינסטלערישן קולטור־פאלק. אויב זיי שפיעלען נישט, אזוי ווי ער, אויף די קלאווישען פון דער פיאנא, שפיעלען זיי אבער אויסגעצייכענט אויף די האריגע סטרונעס פון די אידישע בערד...

* * *

צוואנציג טויזענד מעמבערס ביז דער נוארקער קאנווענשאן, און די צייט שטעהט נישט אויף איין ארט...

* * *

כאטש עס איז שוין נאך פרשת מסעי פונדעסטוועגען זעהט עס אויס וועט עס זיין: ויסעו מצרפת ויחנו במעקסיקא...

* * *

ביי אייך איז עס א דאלאר און דארטען איז עס צוויי פונט ברויט און אפשר גאר אלעבען...

* * *

א מענש מיט איין האנד האט זיך נישט וואס צו שעמען — עס איז אן אומגליק. ווען אבער א מענש מיט צוויי הענט באהאלט איינע אין קעשענע און וויל מיט איהר גאר נישט טאן, מעגען מיר איהם אויסלאכען. מיר מיינען עס דעם יוניאן־מאן, וואס וויל פון דער כאץ. פארטיי און פון א. ר. נישט וויסען...

# באַריכט פון פערטען צוזאַמענפאָהר פון נייִשאַנאַל באָארד אָוו דירעקטאָרס

ניו יאָרק, דעם 4טען דזשולאַי, 1919.

דער פערטער האַלב־יעהרליכער צוזאַמענפאָהר ווערט ערעפענט אונטער'ן פאָרזיץ פון פר. ע. סאָקאָלאָף, מערילאַנד.

עס זיינען אנוועזענד אַלע 14 דירעקטאָרען ווי פאָלגט:

מ. י. אַשפּיז, ניו יאָרק; ל. בענענסאָן, אילינאָיז; ה. דיי, מעין; י. חלק, רהאָוד אײלאַנד; ה. טייטעלמאַן, פּענסילווייניא; ה. יאנאַווסקי, קאָנעטיקוט; ל. מ. יאספּער, אָהייאָ; י. מאַטענקאָ, קענעדע; ב. סלאווין, ניו דזשוירזי; א. סאָקאָלאָף, מערילאַנד; וו. מ. ראָזען, ווירדזשיניא; א. ראַסקין, וויסקאָנסין; ד. שייער, מינעסאָטא; ש. שקלאווין, מישיגען.

דער פאָלגענדער טאַגעס־אָרדנונג ווערט אָנגענומען:

פּראָטאָקאָלען פון פאָריגען צוזאַמענפאָהר.
צושריפטען.
סעקרעטערס באַריכט.
סאַניטאַריום קאָמ. נ. ב א. ד. באַריכט.
קאָנוועשאָן באַריכט.
עקז. פּראָטאָקאָלען און באַריכט.
באַריכטען פון די סטייטס.
באַריכטען פון די סטענדינג קאָמיטעען.
באַשליסע אויף אַפּיעלס.
ערוועהלען אַ דעלעגאַט אין סאַניטאַריום.
רעקאָמענדיישאָנס צו דער נייער נ. ב. אָ. ד.
וואָהל אַם בעסטען.

דער פּראָטאָקאָל פון 3טען צוזאַמענפאָהר ווערט גוטגעהייסען.

דער סעקרעטער לעזט פאָר אייניגע צושריפטען.

1) בר. 185, ניו יאָרק, אַפּעלירט געגען דער נאַצ. עקז. קאָמ. פאַר ארונטערנעהמען די שטראָף, וואָס דער ברענטש האָט אַרויפגעלייגט אויף זייערען אַ מעמבער.

2) בר. 31, מאריסטאון, ניו דזשוירזי, אַפּעלירען געגען דער גריוועגס קאָמ. פאַר ניט אויסצאָהלען בענעפיט צו אַ מעמבער פון זייער ברענטש.

3) פר. ווייסבערג פון בר. 265, פילאדעלפיא, אַפּעלירט געגען דער גריוועגס קאָמ., וועלכע האָט גוטגעהייסען די ענטשיידונג פון ברענטש, אַז ביי אוהם זאָל אויף 6 מאָנאַטען צוגענומען ווערען דאָס וואָרט.

4) פר. גאלינסקי פון בר. 184, האַרטפאָרד, אַפּעלירט געגען דער גריוועגס קאָמ., וועלכע האָט גוטגעהייסען די ענטשיידונג פון ברענטש, אַז ביי איהם זאָל צוגענומען ווערען. דאָס וואָרט אויף 6 מאָנאַטען און ער זאָל אויך באַשטראָפט ווערען מיט 25 דאָלאר פאַר שלאָגען אַ מעמבער פון זיין ברענטש.

באַשלאָסען אַלע אַפּיעלס צו האַנדלען זונטאג פריה.

דער סעקרעטער באַריכטעט, אַז ער האָט אַטענדעט צו אַלע באַשליסע און צושריפטען פון דער נ. ב. א. ד. ער האָט נאָכ'ן 3טען צוזאַמענפאָהר גערופען אַ מיטינג פון דער גריוועגס קאָמ., וועלכע האָט געהאַט אַ הירינג איבער דעם אַפּיעל פון בר. 80. דיזעלבע קאָמיטע האָט געהאַנדעלט אין די רעקאָמענדיישאָנס, וועלכע זיינען צו זיי איבערגעגעבען געוואָרען פון לעצטען צוזאַמענפאָהר. ער האָט אויך געשריבען אַרטיקלען, אין וועלכער ער האָט געזוכט פּאָפּולער צו מאַכען אונזערע רעקאָמענדיישאָנס צו דער לעצטער קאָנווענשאָן. ער דריקט אויס זיין מיינונג, אַז כאָטש ניט אַלע רעקאָמענדיישאָנס זיינען אָנגענומען געוואָרען, איז ער דאָך איבערצייגט, אַז אַלע רעקאָמענדיישאָנס, וואָס מיר האָבען געמאַכט, זיינען געווען גוט, אָבער אַמאָל דאַרף נעהמען צייט ביז אַ געוויסע פראַגע ווערט פּאָפּולער און אַמאָל זיינען שולדיג געוויסע אומשטענדען וואָס מאַנכע רעקאָמענדיישאָנס ווערען ניט אָנגענומען.

ווי די זאַך זאָל ניט זיין, איז עס אָבער זיכער, אַז דער פּרעסטידזש פון דער נ. ב. א. ד. איז די לעצטע צייט געוואָרען פיעל גרעסער, וואָס דאָס קען באַשטעטיגען דער פאַקט, אַז אונזערע רעקאָמענדיישאָנס האָבען אַרויסגערופען אַ גרויסען אינטערעס און אַן אינטערעסאַנטע דיסקוסיאָן אין „פריינד" אַזוי גוט ווי אויף דער קאָנווענשאָן.

דער באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. וואָלאָס באַריכטעט פון דער גריוועגס קאָמיטע.

די נייע גריוועגס קאָם. איז אין גאַנצען אַ מאָנאַט אינסטאָלירט. קיין סך אויפטאָן האָט זי נאָך אין אַזאַ קורצער צייט ניט געקאָנט. די וויכטיגסטע קייס וואָס זיי האָבען איז די פּעטערסאָנער וועבער־פראַגע. די וועבער־יוניאָנס פאָדערען, אַז אַן אַרבייטער זאָל ניט אַרבייטען מעהר ווי אויף צוויי לומס און עס זיינען פאַראַן קאָרפּאָריישאָנס, אין וועלכע אייניגע מעמבערס פון אָרב. רינג זיינען שותפים און דיעזע אַרבייטען אויף מעהר ווי צוויי לומס. זיי זיינען פאַרקלאָגט געוואָרען פאַר אַריבערטרעטען די רולס פון דער יוניאָן, ווייל ראָס מאַכט שווער פאַר דער יוניאָן דורכצופיהרען איהרע רולס אין אַנדערע שעפּער.

די קייס איז נאָך ניט געענדיגט און דערפאַר קען ער ניט באַריכטען די ענטשיידונג.

דער באַריכט ווערט גוטגעהייסען און די קאָמ. צוזאַמען מיט פר. וואָלאָס ווערען באַדאַנקט.

פר. שייער באַריכטעט דאַן פון זיין באַזוך אין סאַניטאַריום

ער האָט באַזוכט דעם סאַניטאַריום אין יאַנואַר — נאָך אונזער דריטען צוזאַמענפאָהר. דער אַלגעמיינער איינדרוק איז אַ גוטער. ער דענקט, אַז די פראַגע פון די קויהלען וואָס געהען אין ניוועץ איז ניט אַזאַ וויכטיגע. די סטאָר צו טשעקען די פּראָדוקטען איז אַ גוטע איינריכטונג, אָבער דערפאַר קומט קרעדיט דער נ. ב. א. ד., וועלכע האָט די ערשטע דיעזע פראַגע אויפגעהויבען. די סטאָרעדזשרום איז ניט אויף דעם ריכטיגען פלאַץ. די רום איז נעקסט צום קיטשען. עס איז באַקוועם פאַר די העלפּ, אָבער ניט פאַר די פּראָדוקטען וועלכע קענען פאַרדאָרבען ווערען ווען די רום איז נאָהענט צום קיטשען, וואו די טעמפּעראַטור איז אַ הייסע.

עס פעהלט אין סאַניטאַריום אַ רעקריאיישאַן פלאַץ, די אַמוזירונגס אינסטרומענטען זיינען צוואוואָרפען אין די ליענטום און זיינען דארום פון קנאַפּער באַדייטונג צו קענען פאַרוויילען די פּאַציענטען. די שטימונג צווישען די פּאַציענטען, אָנגעשטעלטע און די דאָקטוירים איז אַ ברידערליכע. אין אַלגעמיין איז ער פון סאַניטאַריום זעהר צופריעדען.

פר. שקלאַווין, פון דער קאָמ. וואָס האָט באַזוכט דעם סאַניטאַריום בעפאָר דיעזען צוזאַמענפאָהר, באַריכטעט איבער די לעצטע פּאַסירונגען.

ער ווייס ניט וואָס פריהער איז געווען און ווי לאַנג צוריק דיעזער צושטאַנד האָט זיך אָנגעפאַנגען, ווייל די פּאַציענטען בייטען זיך כסדר, אָבער דער צושטאַנד פון יעצט איז אַן אַבנאָרמאַלער. די פּאַציענטען באַקלאָגען זיך אין אַלגעמיין, אַז זייערע קאָמפּליינטס ווערען ניט גענוג אויפמערקזאַם פאַרהאַנדעלט. אָבער דאָס זיינען אַלטע זאַכען, וואָס מיר האָבען שוין אַ סך מאָל געהערט. לעצטענס איז געוואָרען אַ פאַרביטערונג צווישען אַ טייל פון די פּאַציענטען און דער סאַניטאַריום קאָמ. און דאָס איז דער רעזולטאַט פון דער לעצטער פּאַסירונג מיט די אָנגעשטעלטע. ער גיט דאַן איבער אַלע אייניצעלהייטען פון דעם סכסוך. אָנגעפאַנגען האָט עס זיך איבער דער מייטראָן, וועלכע קיינער האָט ניט געגליכען, און די שאַרפע פאַרהאַלטונג האָט געפיהרט, אַז די אָנגעשטעלטע זאָלען ערקלערען אַ סטרייק פאַר דער אַוועקשיקונג פון דער מייטראָן.

נאָכדעם ווי גוסקין האָט צוגעזאָגט, אַז אַלעס וועט זיין געסעטעלט, האָבען די אָנגעשטעלטע, אויפ'ן פאַרלאַנג פון די פּאַציענטען, געגעבען סאַפּער. דער סטרייק איז געווען געסעטעלט.

איינער פון די דאָקטוירים, דר. היבש, וועלכער איז נאכהער געפאָהרען אַלס קאָמ. פון די פּאַציענטען צו דער עקז., האָט באַלד רעזיגנירט פון זיין אַמט. זיין רעזיגניישאָן איז אָנגענומען געוואָרען. דאַן האָבען די אָנגעשטעלטע ערקלערט אַ צווייטען סטרייק, אַז דר. היבש זאָל צוריק אָנגעשטעלט ווערען דערפאַר ווייל ער האָט ניט רעזיגנירט פריינוויליג.

די אָנגעשטעלטע האָבען אומעטום געמאָלדען, אַז אין סאַניטאַריום איז אַ סטרייק און מען האָט זיך אויך דערפון דערוואוסט אין ליבערטי ביים שעריף, וועלכער איז גלייך געקומען מיט נאָך אַסיסטענטס אין סאַניטאַריום. דער פאַקט איז, אַז ווי מען האָט זיי געזעהן האָט מען זיי געהייסען פאָהרען צוריק, דאָך געפינען זיך מאַנכע, וועלכע באַשולדיגען די קאָמיטע, אַז מען האָט געשיקט נאָך שעריפס.

דאָס האָט די פּאַציענטען צוטיילט אין צוויי לאַגערען. איין טייל האַלט מיט דער סאַניטאַריום קאָם. און די צווייטע טייל איז געגען, און די צוויי צדדים האַלטען כסדר אין אָרומרייסען זיך. אין סאַניטאַריום פעהלט נישט, נאָך זיין מיינונג, קיין דיסציפּלין. ווען מיר זאָלען קענען קריגען רעפּאָרטס פון אַנדערע סאַניטאַריומס, וואָלטען מיר אויסגעפונען, אַז אומעטום איז די זעלבע צרה.

וואָס אַנבאַלאַנגט די דאָקטוירים, וויל ער ניט פיעל רעדען, ווייל דר. ראָזענבערג האָט רעזיגנירט און עס איז דארום איבעריג אַ וואָרט צו פאַרלירען.

פר. בענענסאָן, דער צווייטער קאָמיטע־מאַן, ערקלערט, אַז קיין זעהר קלאָרען באַגריף פון דעם סטרייק קען מען פון די פּאַציענטען ניט אַרויסקריגען. די גאַנצע מעשה מיט'ן סטרייק איז שוין באַריכטעט געוואָרען צו דער קאָנווענשאַן און דערפאַר איז עס ניט זייער זאַך געווען צו מישען זיך. דער טראָבעל מיט דער מייטראָן איז ניט קיין נייעס. עס איז מיט אַלע מייטראָנס אַזוי און דאָס זעלבע איז מיט די אַנדערע אָנגעשטעלטע. מען צוקריגט זיך און מען טוט זיך דאַן צו להכעיס. די קעכין איז פון אַ געוויסען געגענד, און די פּאַציענטען זיינען פון פאַרשיעדענע געגענדען און זיינען ניט אַלע איינגעטרייעט מיט די מאכלים וואָס די קעכין קאָכט. אין אַלגעמיין זיינען די פּאַציענטען צופריעדען און האָבען זיך ניט צו באַקלאָגען. עסען קריגען זיי, ווי זיי זאָגען, גענוג, נאָר עס איז ניט צו זייער געשמאַק. די קעכין שטעלט ניט אַלעמען צופריעדען.

אין אַ געשפּרעך מיט דעם דאָקטאָר, אויב עס וואָלט געווען מעגליך צו האָבען עקאָנאָמיע אין סאַניטאַריום, האָט ער געענטפערט, אַז דאָס וואָרט „עקאָנאָמיע" טאָר ניט דערמאָנט ווערען אויף די גראונדס פון סאַניטאַריום. די פּאַציענטען ווילען ניט וויסען פון עקאָנאָמיע. אַלס בייזפּיעל: זיי מוזען קריגען צו עסען נור „סאָנקיסט אָרענדזשעס, וועלכע קאָסטען 10 סענט אַ שטיק, וועהרענד עס זיינען דאָ פון אַנדערע זאָרטען פאַר פיעל ביליגער. די סאַניטאַריום קאָמ., ניט

ווילענדיג שאַפען קיין קריעג, גיט די פּאַציענטען נאָך און די אויסגאַבען זיינען אַזוי נאָך אונגעהויער גרויס.

איך בין ניט איינפערשטאַנען מיט מיין פר. שקלאַווין, אַז עס איז דאָ אַ ביטערקייט געגען דער סאַנ. קאָמ. פון די פּאַציענטען. אין גענעמיול, זיי האָבען גערעדט מיט דעם גרעסטען רעספּעקט פון דער געוועזענער און אויך יעצטיגער קאָמיטע. זיי האָבען אָבער געהאַט אויסצוזעצען געגען דער אויפפיהרונג פון צוויי געוועזענע עקז. קאָמיטע ליט, וואָס האָבען אַנטייל גענומען אין צייט פון סטרייק.

דערמיט ווערט די ערשטע זיצונג געשלאָסען.

---

## צווייטע זיצונג, פרייטאג נאָכמיטאג. אַלס טשערמאַן פר. ראַסקין.

עס ווערט באַשלאָסען זאָפאָרט אויסצוהערען דעם באַריכט פון דער סאַניטאַריום קאָמ., וועלכע ווערט איבערגעגעבען פון פר. פ. געליעבטער.

ער ערקלערט, אַז די סאַניטאַריום קאָמ. האָט געמוזט אַוועקפאָהרען אין סאַניטאַריום אויפ'ן 4טען דזשולאַי און ער בעט אין נאָמען פון דער קאָמיטע אום ענטשולדיגונג, וואָס זיי קענען ניט אַליין אָפּגעבען דעם באַריכט.

די נייע קאָמ. האָט נאָך ניט פיעל צו באַריכטען, ווי אויסער דעם פאַקט, אַז דר. ראָזענבערג האָט רעזיגנירט און מען פאַרהאַנדעלט יעצט מיט אַ נייעם דאָקטאָר.

די דיסציפּלין אין סאַניטאַריום האָט אין גאַנצען אויפגעהערט. דאָס איז אַ דאַנק דעם אונבאַשטימטען צושטאַנד, וואָס הערשט איצט, ווייל די הויפּט־לייטע האַלטען ביים אַוועקגעהן. עס פּאַסירט דארום, אַז אַן אַנגעשטעלטער, וואָס האָט פאַרנאַכלעסיגט אַוועקצושטעלען פיש אויפ'ן אייז, זאָל ער נאַכהער אַליין רופען די פּאַציענטען זיי ציינגען אַז די פיש איז פאַרשטונקען.

די לאַגע אין סאַניטאַריום איז איצט ניט צופריעדענשטעלענד. די סאַניטאַריום קאָמ. שטעלט זיך איצט אַל סאויפגאַבע אַוועקצושטעלען דעם סאַניטאַריום איינמאָל פאַר אַלע מאָל אויף אַ געזונטען באָדען.

ער באַריכטעט דאַן פון אַ קייס פון בר. 167, וואו זיי האָבען געשיקט אַ מעמבער אין סאַניטאַריום אָהן אַן אָרדער פון דער סאַניטאַריום קאָמ., און עס ציינגט זיך אַרויס, אַז דער מעמבער איז נור אין אַרב. רינג 8 מאָנאַטען און איז ניט באַרעכטיגט צום סאַניטאַריום.

ער געהט דאַן איבער צו לעצטע פּאַסירונגען. ער ערקלערט, אַז די אישו פון סטרייק איז געוועזען צי זאָל מען די מעטראָן פריהער אַוועקשיקען און נאכהער געבען איהר אַ הירינג, אָדער געבען פריהער דעם טרייעל, און אויב זי ווערט געפונען שולדיג, זאָל מען איהר דאַן אַוועקשיקען. מיר זיינען ניט קיין קאַפּיטאַליסטישער געשעפט, מיר האַלטען ניט דעם סאַניטאַריום צוליעב פּראָפיט און אויב די מייטראָן, וועלכע האָט פאַרשטאַנען וואָס עס דאַרף געטאָן ווערען, אַז עס זאָל זיין אַ בעסערע קאָנטראָל איבער אַלסדינג, איז געקומען אין איהר אַרבייט אין צוזאַמענשטויס מיט די אָנגעשטעלטע, קען מען איהר ניט באַהאַנדלען ווי אַ געוועהנליכען פאָרמאַן פון אַ שאָפּ, איבער וועלכען עס פּאַסירט מאַנכעס מאָל, אַז אַרבייטער סטרייקען איהם אַרונטערצוואַרפען.

די אָנגעשטעלטע האָבען ערקלערט אַ „סטרייק", און דר. היבש איז געגאַנגען צו די פּאַציענטען און זיי געהייסען עסען סענדוויטשעס און זאָלען ניט עסען ביים טיש, ווייל דאָרט סאַרווירט די סאַניטאַריום קאָמיטע סאַפּער אין דער צייט וואָס די אָנגעשטעלטע סטרייקען. דערפאַר האָט דר. האַלפּערן איהם גערופען צו זיך און איהם ערקלערט, אַז ער האָט מיט זיין האַנדלונג פאַרבראָכען געגען דער עטהיק אַלס דאָקטאָר און ער זאָל רעזיגנירען, וואָס ער האָט געפאָלגט.

ער ענדיגט זיין באַריכט דערמיט, אַז מען קען איצט ניט בויען קיין רעקריאיישאָן בילדינג, ווייל מאַטעריאַל און אַרבייט קאָסט צו טייער און דערצו ווערען די אונטערנעהמונגען פון סאַניטאַריום־טאָג איצט אַוועקגעגעבען פאַר'ן רעליעף. דאָס מאַכט, אַז די איינגאַהמען פון בילדינגס פאָנד זאָלען פאַרקלענערט ווערען, און מיר קענען אַזאַ בילדינג איצט ניט בויען.

די לעצטע פּאַסירונגען אין סאַניטאַריום רופען אַרויס אַ גרויסע דעבאַטע און אַ פאַרלאַנג ביי מאַנכע דירעקטאָרען צו שיקען אַ נייע קאָמ. די אַנגעלעגענהייט נאָכאַמאָל אונטערצוזוכען.

פר. עפּשטיין, טשערמאַן פון דער נאַצ. עקז. קאָמ., ענטפערט אויף די באַמערקונגען פון די דירעקטאָרען. ער זאָגט, אַז דאָס, וואָס אין סאַניטאַריום איז געוועזען טראָבעל, איז ניט קיין נייעס. אין אַזאַ דעמאָקראַטישער אינסטיטושאָן ווי אונזערע איז שווער אויסצומיידען, אַז עס זאָל ניט פּאַסירען טראָבעל אין אַ ווײלע, דאָך איז אין אַלגעמיין ביי אונז דאָ מעהר דיסציפּלין ווי אַנדערשוואו, אָבער יענע פאַרשטיקען עס. מיר אָבער ווילען קיין זאַך ניט פאַרשטיקען, ווייל מיר האָבען מיט אונזערע האַנדלונגען זיך גאָר ניט צו שעהמען. דער טראָבעל האָט זיך אָנגעפאַנגען, ווייל די פּאַציענטען האָבען געשטעלט אַן אולטימאַטום, אַז מיר מוזען דער מייטראָן אַפריהער אַוועקשיקען און נאכהער איהר טרייעלען, און אין אונזער אַן אינסטיטושאָן קען מען אַזעלכעס ניט דולדען. די טענה, אַז מיר צאָהלען ניט אונזערע אָנגעשטעלטע גענוג, איז ניט ריכטיג. מיר צאָהלען זיי און מיר באַהאַנדלען זיי פיעל בעסער ווי אַנדערע אינסטיטושאַנס און מיר האָבען זיי לעצטען יאָהר מעהרערע מאָל געהויבען. אָבער דאָ איז דאָך ניט געוועזען קיין פראַגע פון שטונדען אָדער וויידזשעס. עס האָט זיך דאָך געהאַנדעלט אום דעם, אַז מ'האָט פון אונז פאַרלאַנגט דאָס מיר זאָלען דער מייטראָן פריהער ערקלערען שולדיג (דאָס הייסט איהר אַוועקשיקען) און דאַן איהר טרייעלען.

די אָנגעשטעלטע האָבען ערקלערט אַ „סטרייק" און די סאַניטאַריום קאָמ. האָט אַליין סאַרווירט עסען צו די פּאַציענטען, זיי זיינען דאָך קראַנקע און דאַרפען דאָך ניט ליידען צוליעב די אָנגעשטעלטע, האָט דער דאָקטאָר היבש איינגערעדט די פּאַציענטען צו ערקלערען אַ „סימפּאַטיע סטרייק" און ניט געהן עסען, און זיין רעזיגניישאָן איז פאַר דיעזער האַנדלונג אָנגענומען געוואָרען. דעם נעקסטען זונטאָג איז אַ קאָמיטע מיט'ן דאָקטאָר אָן דער שפּיצע געקומען אין סאַניטאַריום, און ווען מען האָט זיי געפרעגט, ווי אַזוי האָבען זיי אַליין זיך גענומען דאָס רעכט איבערצולאָזען דעם סאַניטאַריום ניט באַהייצט א. אַז. וו. (אין דער קאָמ. איז געוועזען דער אינדזשעניער, וואָס האָט צו טאָן מיט דער באַהייצונג), האָט די קאָמיטע זיך גענאַפּט געברויכען דעם קולאַק אנשטאַט אַן ענטפער...

עס פאַרשטעהט זיך, אַז מיר האָבען ניט געקאָנט אפילו טראַכטען, אַז די אָנגעשטעלטע זאָלען באַשטימען ווער עס זאָל זיין אונזער דאָקטאָר און זייער זאָגענאַנטער סטרייק פאַר'ן דאָקטאָר איז פון אונז ניט אנערקענט געוואָרען.

די אַלגעמיינע לאַגע איז גאָר ניט אַזוי שלעכט, די איבלען און דאָס ביטען אָפּט פון אָנגעשטעלטע איז אַ נאַטירליכע ערשיינונג. מיר ווילען ניט האָבען קיין דיקטאַטור, ווי אַנדערע, און מיר זיינען בעסער צופריעדען צו ליידען פון די איבלען.

די פּאַציענטען ווילען האָבען קאָמיטעס, וועלכע זאָלען רײדען אין נאָמען פון אַלע פּאַציענטען, אָבער מיר קענען קיין קאָמיטעס ניט אַנערקענען, ניט ווייל מיר ווילען ניט, נאָר ווייל אַזוי ראַטען אונז די דאָקטוירים.

ער ענדיגט דערמיט, אַז מיר האָבען טראָץ אַלע איבלען און הסרונות מיט אונזער אינסטיטושאָן און מיט איהרע רעזולטאַטען זיך ניט צו שעהמען געגען קיינעם און מיר מעגען זיין צופריעדען מיט דעם וואָס מיר האָבען אויפגעטאָן.

עס ווערט דאַן באַשלאָסען גוטצוהייסען דעם באַריכט פון אונזער קאָמיטע און אויך פר. געליעבטער'ס באַריכט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע. פר. סאָקאָלאָף שטימט געגען. עס ווערט אויסגעדריקט אַ דאַנק צו פר. געליעבטער פאַר זיין באַריכט.

דערמיט ווערט די צווייטע זיצונג געשלאָסען.

---

## 3טע זיצונג, שבת נאָכמיטאָג. אַלס טשערמאַן פר. דייו.

דער סעק. לעזט פאָר אַ צושריפט פון פר. צביון, אַז די עדיוקיישאָנאַל קאָמ. איז נאָך פאָרלויפיג ניט פאַרטיג באַשטימטעס צו באַריכטען.

פר. אַשפּיז גיט דאַן אָפּ דעם באַריכט פון קאָנווענשאָן.

ער האָט געטאָן אַלעס, וואָס עס איז נור מעגליך, אַז אונזערע רעקאָמענדיישאַנס זאָלען אָנגענומען ווערען. עס איז איהם אָבער נור געלונגען דורכצופיהרען די פראַגע פון די אַלטע מעמבערס, וועלכע מען זאָל גוטמאַכען אַ טייל פון זייער מאָרטשוערי פאָנד און אַז מען זאָל באַווילינען די דירעקטאָרען די עקסטרא פּעיר, וואָס איז געריזט געוואָרען אין דזשון 1918. די פראַגען פון פאַרוואַלטונג זיינען דורכגעפאַלען און עס איז געוועזען צו ערוואַרטען. דער אַרב. רינג איז יעצט אין פולער פּראָספּעריטי און קיינעם גלוסט זיך יעצט ניט מאַכען קיינע ענדערונגען. די קאָנוועשאָן האָט אונז אויך ניט באַווילינגט צו באַזוכען די נאָהענטע שטעדט אין די סטייטס. ווי עס זעהט אויס האַלטען די דעלעגאַטען, אַז די דירעקטאָרען, זייענדיג אָן דער שפּיצע פון די אָרטיגע אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטעס, קענען דיעזע געלעגענהייט קריגען צו באַזוכען שטעדט אין די אינטערעסען פון דער אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט.

אין אַלגעמיין זעהט עס אויס, אַז די ברייטע שיכטען פון דער מעמבערשיפּ זיינען נאָך אַלץ ניט גענוג פאַראינטערעסירט אין דער אַרבייט פון דער נ. ב. א. ד. און דאָס האָט זיך אַרויסגעצייגט פון מאַנכע אינטערפּעלאַציאָנען פון דעלעגאַטען.

דער באַריכט ווערט גוטגעהייסען און דער דעלעגאַט ווערט באַדאַנקט.

פר. באַסקין, דער סעק., גיט דאַן אָפּ דעם פינאַנציעלען באַריכט.

די לאַגע פון אַרב. רינג איז גלענצענד אין אַלע הינזיכטען. מיר שטעהען מיט אַ סוירפּלוס אין אַלע פאָנדס, אויסער דעם קאָנווענשאַן פאָנד.

דער קאָנסאָמפּשאָן פאָנד האָט אַ סוירפּלוס פון 20,000 דאָלאַר. דאָס צייגט, אַז מיר האָבען געמעגט רייזען די קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט פון 100 דאָלאַר אויף 200 דאָלאַר. דער פאָנד ליידעט אַבסאָלוט ניט פון דיעזער העכערונג.

דער סאַניטאַריום פאָנד: אין אויפהאַלטונגס פאָנד איז אַ דעפיציט פון 8000 דאָלאַר, אָבער דערפאַר איז אין בילדינגס פאָנד אַ סוירפּלוס פון 23,000 דאָלאַר.

דאָס פאַרמעגען פון אַרב. רינג איז $1,100,000 (אַ מיליאָן מיט הונדערט טויזענד דאָלאַר). אונזער וואַליוּאיישאָן איז הונדערט מיט אנדערהאַלבען פּראָצענט.

טויטען־פעלע האָבען מיר פאַר'ן לעצטען קוואָרטאַל 73 — פיעל מעהר ווי פריהער.

דער קאָנווענשאַן פאָנד איז אין אַ דעפיציט, ווייל דער טעקס איז זייט די לעצטע עטליכע יאָהר דער זעלבער וועהרענד די אויסגאַבען ווערען יעדען יאָהר גרעסער. מען וואָלט אויך געדאַרפט העכערען דעם טעקס פון קאָנווענשאָן פאָנד.

אין סאַניטאַריום זיינען דאָ 73 פּאַציענטען — מעהר ווי פריהער. די אויסגאַבען פאַר'ן סאַניטאַריום זיינען זעהר גרויס, ווייל עס איז ניטאָ קיין מענעדזשער. ער האָפט, אַז עס וועט געלינגען צו קריגען אַ פעהיגען מענעדזשער, וועלכער וועט זיכער רעדוצירען די קאָסטען.

אונזער מעמבערשיפ איז 72,000. דער סורפלוס פאַר דיעזען קוואַרטאל איז 4,000 מעמבערס.

די פאָנדס פון דער עדיוקיישאָנאל און אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטעען ווערען איצט פאַרגרעסערט און מען וועט קענען אָנפיהרען א גרעסערע און מעהר ענערגישע אַרבייט. דער אַרב. רינג האָט זיך געשטעלט אַלס זיין אויפגאַבע צו שאַפען ביז דער נעקסטער קאָנווענשאָן 50,000 דאָלאַר פאַר'ן רעליעף און 20,000 נייע מעמבערס פאַר'ן אַרב. רינג, און מיר דאַרפען פאַרדאָפּלען אונזער ענערגיע און אַרבייט.

כאָטש די אימיגראַציע האָט געסטאָפּט, דאָך איז דאָ גענוג פעלד פאַר'ן אַרב. רינג אין די יוניאָנס. ליידער האָבען ניט די יוניאָנס דעם סענטימענט צום אַרב. רינג, וואָס זיי האָבען געדאַרפט האָבען. דער אַרב. רינג איז מאַנכעס מאָל זיך מפקיר פאַר די יוניאָנס און דאָך איז מען צום אַרב. רינג גלייכגילטיג. די יוניאָן־לייטע זיינען דער בעסטער עלעמענט פאַר אונז און מיר מוזען מיט אַלע כחות זעהן אַריינדרינגען אין די יוניאָנס פון ניו יאָרק און איבער'ן לאַנד. מיט ענערגישער אַרבייט וועלען מיר אונזער קוואָטא איבערשטייגען, און ער האָפט, אַז אַלע דירעקטאָרען וועלען דערין העלפען. ער באַדאַנקט די דירעקטאָרען פאַר דער אויפמערקזאַמקייט, וואָס ער האָט געקראָגען דורך דער גאַנצער צייט.

פר. א. עפשטיין באַריכטעט פאַר דער נאַצ. עקז. קאָמ.

די נאַצ. עקז. האָט פאַר דער קורצער צייט נאָך פיעל ניט געקאָנט אויפטאָן. זיי האָבען ראַטיפיצירט דעם באַשלוס פון דער אָרג. קאָמ. פאַר 20,000 נייע מעמבערס צו אונזער 20־יאָהריגען יובילעאום. עס איז אַ פּאַסענדער מאָמענט און מיר דאַרפען אין די ברענטשעס אַריינברענגען אַ יום־טוב־שטימונג, אַז זיי זאָלען אַרבייטען מיט דאָפּעלטער ענערגיע. מיר האָבען פאַר'ן אַרב. רינג ניט גענוג געטאָן און דערפאַר זיינען אַ סך פּאַסענדע פאַר'ן אַרב. רינג מעמבערס אין אַנדערע אָרדענס.

וועגען די מלחמה קרבנות: אויב מיר האָבען געשאַפען 25,000 דאָלאַר ביז יעצט, מוזען מיר היינטיגען יאָהר שאַפען פיעל מעהר. די נויט איז שטאַרקער, דער רוף מעהר הערצרייסענד און דער אַרב. רינג זאָל אין דיעזער נאָבעלער אַרבייט פאַראינטערעסירען אַלע זיינע מעמבערס צו שאַפען אַ סומע וואָס זאָל איבערשטייגען אַלע פריהערדיגע יאָהרען.

ער שטעלט זיך אָפּ אויף דעם, וואָס ברענטשעס פון דער קאָונטרי שיקען ניט די געלד וואָס זיי זאַמלען צום דזש. אָפּיס, נאָר גיבען עס זייערע לאָקאַלע קאָמיטעען. ער וואָלט וועלען, אַז דער אַרב. רינג זאָל קריגען דעם פולען קרעדיט פאַר דער אַרבייט וואָס ער טוט און ער בעט די דירעקטאָרען צו זעהן אַז די געלד וואָס זיי זאַמלען זאָל דורך זייער לאָקאַלען קאָמיטעט געשיקט ווערען צום אַרב. רינג.

זיי האָבען ערוועהלט אַ ליגעל קאָמיטע צו מאַכען דעם אַרב. רינג ליגעל איבעראַל. זייער פּובליסיטי קאָמ. באַשטעהט יעצט פון די טשערלייטע פון די קאָמיטעען און דעם עקז. טשערמאַן.

ער באַריהרט דאַן די פראַגע פון די אַרב. רינג קאָאָפּעראַטיווען. ער ווייזט אָן אויף דעם וואונדערליכען ערפאָלג פון די אַרב. רינג קאָאָפּעראַטיווען און ערקלערט, אַז די עקז. וועט אינדירעקט פיעל מיטהעלפען פאַר'ן ערפאָלג פון דיעזער באַוועגונג.

די עקז. האָט נאָך ניט געהאַנדעלט אין דער פראַגע פון די רעכטע און לינקע, אָבער עס איז זיין מיינונג, אַז די אָפיציעלע קערפּערשאַפטען פון אַרב. רינג דאַרפען זיין נייטראַל אין דיעזען שטרייט.

אין אַלגעמיין איז די עקזעקוטיווע פון דיעזען יאָהר ניט קיין ערגערע ווי פאַריגען יאָהר און מען קען ערוואַרטען פון איהר פרוכטבאַרע אַרבייט.

ער באַדאַנקט דאַן פאַר דער גוטער אויפמערקזאַמקייט וואָס מען האָט איהם אַלע מאָל געצייגט. ער דריקט אויס די האָפנונג, אַז די אַרבייט אַלס פאַרוואַלטער וועט אונזער פריינדשאַפט פיעל פאַרשטאַרקערען.

עס ווערען געשטעלט איניגע פראַגען צו פר. באַסקין און פר. עפשטיין, וועלכע ווערען צופריעדענשטעלענד פאַרענטפערט. די באַריכטען ווערען גוטגעהייסען און די נ. ב. דריקט אויס אַ דאַנק צום נאַצ. טשערמאַן, פר. עפשטיין, און גענ. סעק., פר. באַסקין.

דערמיט ווערט די 3טע זיצונג געשלאָסען.

---

## 4טע זיצונג, שבת נאָכמיטאָג. אַלס טשערמאַן פר. שייער.

פר. דינערשטיין באַריכטעט פון דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע.

דער קאַמפּיין פון פאַריגען יאָהר איז געווען אַ גוואַלדיגער ערפאָלג. דיעזען יאָהר האָבען זיי געמאַכט אַלס ציעל צו ברענגען דעם אַרב. רינג אַ מתנה צו זיין 20־יאָהריגען יובילעאום 20,000 נייע מעמבערס. זיי האָבען איינגעפיהרט, אַז יעדער מעמבער, וואָס וועט פיהרען צום דאָקטאָר 10 קאַנדידאַטען, וועט קריגען אַלס פּרעזענט אַ סעט ביכער פון דער נייער אויסגאַבע.

זייערע דיסטריקט קאָמיטעען איבער'ן לאַנד וועלען זיין פאַראייניגט צוזאַמען מיט די סאָב עדיוקיישאָנאל קאָמיטעען, מיט וועלכע זיי וועלען אַרבייטען דיעזען יאָהר צוזאַמען.

זיי האָבען שוין געמאַכט די אַרענדזשמענטס צו רופען קאָנפערענצען צו ערוועהלען דיסט. אָרג. קאָמיטעען פאַר'ן קומענדען יאָהר. זיי וועלען אויך אַרויסשיקען מענשען איבער'ן לאַנד און האָפען צו באַזוכען אַלע שטעדט — די ווייטערע אַזוי גוט ווי נאָהענטע.

דער באַריכט ווערט אָנגענומען און פר. דינערשטיין ווערט באַדאַנקט.

פר. יאַקובי באַריכטעט פון דער בענעפיט קאָמ.

זיי האָבען נאָך זייער טעטיגקייט ערשט יעצט אָנגעפאַנגען. זיי האָבען באַשלאָסען צו זיין פאַרטראָטען ביי די קאָנפערענצען, וואָס די אָרג. קאָמ. רופט, אום דאָרט צו ריידען אַז מען זאָל מעהר אַכטונג געבען אויף די חולם ביים אויסצאָהלען בענעפיט. זיי רופען קאָנפערענצען פון די האָספּיטעלער אין די נאָהענטע דיסטריקטען אַרום ניו־יאָרק און זיי העלפען מיט די ניו־יאָרקער ברענטשעס דורכצופיהרען דעם פּלאַן פון דיסטריקט דאָקטוירים.

פר. שקלאַווין פרעגט: וואָס האָט די בענעפיט קאָמ. באַשלאָסען אין דער קייס פון בר. 181, וועלכע מיר האָבען זיי רעקאָמענדירט נאָכאַמאָל צו האַנדלען?

פר. יאַקובי ענטפערט, אַז דאָס האָט געדאַרפט האַנדלען די אַלטע קאָמיטע פון לעצטען יאָהר, אָבער, ווי איהם שיינט, איז עס ניט געטאָן געוואָרען.

דער באַריכט ווערט גוטגעהייסען מיט דער באַמערקונג, אַז די נ. ב. רעקאָמענדירט דער נייער קאָמיטע ווידער אויפצונעהמען די קייס פון בר. 181 און נאָכאַמאָל אונטערזוכען די פאַקטען.

פר. יאַקובי ווערט באַדאַנקט פאַר'ן באַריכט.

פר. ישורין באַריכטעט פון דער אָפיס קאָמ.

זיי האָבען אַ קייס פון אַן אַלמנה, וואָס איז געווען אַ קלאַס 8 מעמבערין און האָט געהייראַט מיט איינעם וואָס קען שוין ניט אַריינגענומען ווערען אין אַרב. רינג. זיי וועלען אָנפרעגען דעם לאָיער, צי קען זי בלייבען אַ מעמבערין אין קלאַס 3.

מיט'ן וואוקס פון אַרב. רינג איז נויטיג צו פאַרגרעסערען דעם אָפיס און די קאָמיטע איז ביזי מיט פּלענער.

זיי האָבען געאָרדערט אָפיציעלע ברענטש רעסיט ביכלאַך פאַר די טרעזשורערס צו סיינען, אַז זיי האָבען ערהאַלטען דאָס געלד פון סעק. עס זיינען געווען אַ צאָהל ברענטשעס, וואָס זיינען געבליבען שולדיג דעם דזש. אָפיס מעהר ווי 10 פּראָצענט פון זייער ביל. אַ בריעף איז צו דיעזע ברענטשעס געשיקט געוואָרען מיט גוטע רעזולטאַטען.

זיי האָבען איינגעפיהרט, אַז דעם 26טען פון 3טען מאָנאַט זאָל געשלאָסען ווערען דער קוואַרטאל און די מעמבערס וואָס וועלען פון דאַן אָן אַריינקומען זאָלען ווערען גערעכענט אויפ'ן נייעם קוואַרטאל.

ער פאַרלאַנגט אַז מיר זאָלען אַרויסגעבען אַ קאָנסטיטוציאָנעלע ענטשיידונג איבער דער פראַגע צי קען אַ מעמבער וואָס איז עלטער פון 40 יאָהר זיך טראַנספערירען צו אַ העכערען קלאַס אויף דיזעלבע באַדינגונגען ווי איינער וואָס ווערט אויפגענומען אין אַרב. רינג אַלס נייער מעמבער אין עלטער פון 40 ביז 45 יאָהר?

פר. אַשפּיז פרעגט: צי האָט די קאָמיטע באַטראַכט דעם פּלאַן, אַז מיר זאָלען בעסער אונזערע געלד אינוועסטען אין סוירטיפייעד ערשטע מאָרטגעדזשעס, וועלכע ברענגען מעהר אינטערעסט און איז ניט אונטערוואָרפען דעם מאַרקעט צושטאַנד?

פר. ישורין ענטפערט: אַז די קאָמיטע האָט די פראַגע נאָך ניט געהאַט אויפ'ן טאָגעס־אָרדנונג, ווייל זיי האַלטען יעצט ניט ביי אינוועסטען.

דער באַריכט ווערט אָנגענומען און פר. ישורין ווערט באַדאַנקט.

פר. ביילין באַריכטעט פאַר דער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע.

די אַרבייט פון דער עדיוקיישאָנאל קאָמ. צובליהט זיך און ענטוויקעלט זיך צו נייע טעטיגקייט. דאָס איז אַ דאַנק דעם קולטורעלען דורשט, וואָס פאַרגרעסערט זיך כסדר. די שול־באַוועגונג האָט אַרומגענומען 30 שטעדט און די קאָמיטע זוכט צו באַזאָרגען לעהרער און מיטלען, אַז דיעזע שולען זאָלען קענען זיין אַן ערפאָלג. לעקטשורס וועלען קיין סך ניט געגעבען ווערען. די קאָמ. דענקט, אַז די לעקטשורס זיינען מעהר ערפאָלג, ווען די ברענטשעס מאַכען עס אַליין. דערפאַר גיבען מיר אַרויס מעהר ביכער. נעמליך: וועגען זאָאָלאָגיע, כעמיע, אריפמעטיק, קאָאָפּעראַטיווען, ערציהונג, פּאָליטישע עקאָנאָמיע, פיזיאָלאָגיע און אַלגין'ס כרוסטאָמאַטיע.

די עדיוקיישאָנאל באַוועגונג ענטוויקעלט און צושפּרייט זיך אין אַלע גרעסערע צענטרען, ניט נאָר בנוגע שולען, אָבער אויך דורך דער גרינדונג פון אַרב. רינג אָרקעסטערס, געזאַנגס און דראַמאַטישע פאַראיינען.

די קאָמיטע, האָבענדיג דיעזען יאָהר אַ גרעסערען בודזשעט, וועט דערמיט זיך באַנוצען צו טאָן מעהר און בעסערע עדיוקיישאָנאל אַרבייט.

וועגען „פריינד" איז די רעדאַקציאָנעלע זייט צופריעדענשטעלענד. דער עולם לעזט איהם מעהר ווי פריהער, אָבער די עקספּעדיציע איז הינטערשטעליג. דאָס איז אַ טעכנישע פראַגע, וועלכע איז שווער צו געבען אַלעמען צו ערקלערען. אָבער זיי וועלען זעהן, אַז וואָס נור מעגליך איז זאָל געטאָן ווערען, אַז אויך די עקספּעדיציע זאָל אויסגעבעסערט ווערען. ער בעט דאַן די דירעקטאָרען זיי זאָלען אָפּט באַריכטען איבער דעם צושטאַנד אין זייערע סטייטס און ווי וויזט ערפאָלגרייך די אָרגאַניזאַציאָנס און עדיוקיישאָנאל אַרבייט איז דאָרט.

פאָלגענדע פראַגען ווערען געשטעלט צו פר. ביילין:

מ א ט ע נ ק א: וואָס איז דער גייסט פון די שולען? וואָס איז דער אינהאַלט פון די ליטעראַטור וואָס מען לערענט, וואָס פאַר אַ ליעדער ווערט דאָרט געזונגען? וואָס איז אונזער שטעלונג צו העברעאיש?

ס אָ ק אָ ל אָ ף: באַלטימאָר האָט 500 דאָלאַר פאַר אַ שולע, וועט זי קענען קריגען אַ לעהרער און 150 דאָלאַר אויף צושטייער?

ח ל ק: ווארום געהט דער דאָפּעלט־נומער „פריינד" אַרויס איצט און ניט אַ מאָנאַט שפּעטער?

ס ל אָ ו ו י ן: ווארום האָט די עדיוקיישאָנאל קאָמ. ניט געזעהן, אַז די שולע פון נואַרק זאָל ניט אונטערגעהן?

ש ק ל א ו ו י ן: ווארום האָט מען וועגען די רעכטע און לינקע געעפענט אַ דיסקוסיאָן אין „פריינד" און וועגען אַנדערע פראַגען, ניט

צום ביישפּיעל דעם אידישען קאָנגרעס, איז גאָר קיין דיסקוסיאָן ניט געווען? קען די עדיוקיישאָנאַל קאָמ. געבען וועלכע חילף צו זייער לאָקאַלען אָרקעסטער?

פר. ביילין ענטפערט:

דער גייסט פון די שולען איז אַ פּריוואַטליכער, מען לערענט נור זאַכען, וועלכע פּאַסען זיך צו לערנען אין אַזאַ שולע. די ליטע־ראַטור און די ליעדער זיינען אידישע, פאָלקסטימליכע, פּריוואַטע און קינדער־ליעדער און מעשה־לאַך. מען נוצט אויס די ימים־טובים, וועלכע האָבען וועלכע עס איז פאַרבינדונג מיט׳ן פּריוואַטס־קאַמף. העברעאיש אַלס שפּראַך ווערט פאָרלויפיג ניט געלערענט. מען לערענט אָבער די ווערטער, וועלכע ווערען געברויכט אין אידיש.

פאַר באַלטימאָר זוכט מען אַ לעהרער און 150 דאָלאַר איז שוין פאַר זייער שול באַוויליגט.

דער „פריינד" ווערט געדרוקט אַ דאָפּעלט־נומער פאַר דזשון־דזשו־לאַי, ווייל אין דיעזען נומער דאַרף געדרוקט ווערען דער קאָנווענשאָן־באַריכט.

די עדיוק. קאָמ. קען ניט אַליין אויפהאַלטען קיין שולען אין אַלע שטעדט. די אָרטיגע קרעפטען דאַרפען עס טאָן אין יעדער שטאָדט באַזונדער, און נור זיי זיינען שולדיג אויב אַ שולע געהט אין זייער שטאָדט אונטער.

דער „פריינד" איז אָפען פאַר אַלע וויכטיגע פראַגען, וועלכע שווימען אַרויף אין אונזער עפענטליכען לעבען. וועגען אידישען קאָנגרעס איז געאָרדערט געוואָרען אַרטיקלען, אָבער די שרייבער האָבען זיי נים פאַרטיג געמאַכט אין צייט. וועגען אָרקעסטער זאָלען זיי שרייבען אַ בריעף צו דער עדיוק. קאָמ., וועט מען דאַן וועגען דעם האַנדלען.

דער באַריכט ווערט גוטגעהייסען און פר. ביילין ווערט באַדאַנקט. דערמיט ווערט די זיצונג געשלאָסען.

---

## 5טע זיצונג, זונטאָג פריה. אַלס טשערמאַן פר. טייטעלמאַן.

עס ווערען אויפגענומען די אַפּיעלס:

1) דער אַפּיעל פון פר. גאַלינסקי, בר. 184, ווערט צוריקגעוויזען. די ג. ב. דענקט, אַז פאַר געברויכען דעם קולאַק איז אַזאַ שטראָף ניט צופיעל.

2) דער אַפּיעל פון בר. 185 ווערט צוריקגעוויזען. דאָרט האָט זיך געהאַנדעלט אום אַ סכסוך פון סטאָר־קיפּערס, נים פון קיין אַר־בייטער, און דער ברענטש דאַרף זיך דעריין ניט אַריינמישען.

וועגען בר. 31 ווערט באַשלאָסען צו לאָזען וויסען דעם ברענטש, דאָס ווען זיי וועלען צושטעלען אַפּידייוויטס איבער די אורזאַכען וואָס זיי האָבען נים אַריינגעשיקט די סיק סערטיפיקייטס אין צייט, וועט מען זיי דאַן אויסצאָהלען דעם בענעפיט.

4) דער אַפּיעל פון פר. ווייסבערג, בר. 265, ווערט צוריקגע־וויזען. אין זיין אַפּיעל האָט ער נים באַוויזען, ווי אַזוי ער האָט אַ רעכט געהאַט צו באַליידיגען אַ צווייטען מעמבער פון זיין ברענטש און די שטראָף איז אַ גערעכטע.

5) די גריוועגס קאָמיטע באַריכטעט אויך אַ קיים פון בר. 80, וועלכער האָט אַפּעלירט געגען דער עקז. פאַר ענטזאָגען צו רעאינסטייט־מען אַ מעמבערין — וועלכע איז משוגע — נאָך דער געזעצליכער צייט. די עקז. האָט דעם אַפּיעל צוריקגעוויזען, ווייל דער אַרב. רינג שיקט בריעף און רעדזשיסטרירטע בריעף צו אַ מעמבער בעפאָר ער ווערט געשטראָכען און עס איז די אויפגאַבע געווען פון די קרובים פון דער קראַנקער גלייך צו לאָזען וויסען, אַז זי איז משוגע און ניט וואַרטען ביז די געזעצליכע צייט צו רעאינסטייטען איז פאַראיבער. דער אַרב. רינג איז אין דיעזען פאַל ניט פאַראַנטוואָרטליך און דאַרף דער מעמ־בערין נים רעאינסטייטען.

די האַנדלונג פון דער עקז. ווערט אויף דער רעקאָמענדיישאָן פון אונזער גריוועגס קאָמ. גוטגעהייסען און די גריוועגס קאָמ. ווערט באַדאַנקט.

עס ווערען אויפגענומען די באַריכטען פון די סטייטס.

חלק, רהאָוד איילאַנד: די קאַמפּיינס זיינען ביי זיי אין סטייט אויפ׳ן טאָגעס־אָרדנונג. דער גרעסטער בר. 110 האָט זיך אָפּגעטיילט פון דער אָרטיגער אָרג. קאָמ. און פיהרט אָן אַ קאַמפּיין פאַר זיך. עס איז נויטיג עפּעס צו טאָן דעריין.

יאַספּער, אָהייאָ: אויס מאַנגעל אין קרעפטען איז זייער אַר־בייט באַגרעניצט נור אויף די נאָהענטערע שטעדטלאַך. לעצטענס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ באַוועגונג אין קליוולאַנד פאַר אַן אידישער אַרב. רינג שולע.

דיי, מעין: דער טראָבעל מיט זייער ברענטש איז שוין אויס־געגליכען געוואָרען. די ברענטשעס זיינען געווען זעהר טעטיג אין לעצטען קאַמפּיין. דער סטייט האָט אַ קליינע אידישע באַפעלקערונג, און 50 פּראָצענט פון די אידישע איינוואוינער זיינען מעמבערס אין אונזער רינג.

ראָסקין, וויסק.: זיי פיהרען דעם רעליעף קאַמפּיין גע־מיינשאַפטליך מיט אַנדערע אָרגאַניזאַציאָנען. זיי האָבען יעדען מעמ־בער געמעקסט מיט אַ האַלבען טאָג שכירות פאַר׳ן רעליעף און דאָס געלד אַוועקגעשיקט צום אַרב. רינג. צוזאַמען מיט דעם אידישען סאָציאַליסטישען ברענטש האַלטען זיי אויס אַן אָרקעסטער פון 50 מאָן, וועלכען מען לאַדעט איין צו אַלע קאָנצערטען, און אַ געזאַנג און דראַמאַטיקאַל פאַראיין. עס קאָסט אָבער זעהר טייער אויסצו־האַלטען דיעזע אינסטיטושאַנס.

די ברענטשעס פון שעבאַיגען און ראַסיין האָבען אויך געאַרבייט אין רעליעף. ער האָט די ברענטשעס לעצטענס באַזוכט און זיי זיינען אין אַ גוטען צושטאַנד.

טייטעלמאַן, פּענסילוויניא: די 39 ברענטשעס פון פילאַ־דעלפיא זיינען אַלע פאַרבונדען מיט דער סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמ. זיי האָבען זיך פאַרפליכטעט 20,000 דאָלאַר פאַר אַ לייבאָר ליסעאום, האָבען געטעקסט די מעמבערס 50 סענט פאַר׳ן רעליעף. עס איז פאַר־שטאַנען געוואָרען, אַז די געלדער פון די אַרב. רינג ברענטשעס דאַרפען געשיקט ווערען דורך דעם אַרב. רינג אָפיס. אין לעצטען מעמבערשיפ קאַמפּיין האָבען זיי אַריינגענומען 1000 מעמבערס.

ער איז געווען אין פּיטסבורג און אין נאָך אַ פּאָר קלענערע שטעדטלאַך און זיין רייזע האָט געבראַכט גוטע רעזולטאַטען.

סלאָווין, ניו דזשוירזי: די קאָאָפּעראַטיווע אַרבייט איז די הויפּט כאַראַקטעריסטישע אַרבייט פון דזשוירזי. צוליעב דעם גרויסען אינטערעס אין די קאָאָפּעראַטיווען ליידעט די אַנדערע אַרבייט פון אַרב. רינג. אַ קינדער־שולע אין נואַרק איז אונטערגעגאַנגען צוליעב מאַנגעל אין טוער. מען האָט געדאַרפט די דיסט. אָרג. קאָמ. רעאָרגאַניזירען, ווייל די אַלטע האָט רעזיגנירט. אָבער עס מערקט זיך אַ בעסערונג. די שטרייטענדע צדדים ווערען שלום און זיי האָפען אַריינצונעהמען 500 מעמבערס אין קאַמפּיין.

די קאָאָפּעראַטיווען זיינען אין דזשוירזי געוואָרען אַ פאָלקס־באַ־וועגונג. ברויט קאָסט 8 סענט אַ פונט. אויב די נעקסטע קאָנווענשאָן וועט זיין אין נואַרק, וועלען די דעלעגאַטען עסען קאָאָפּעראַטיווע ברויט...

ראָזען, ווירדזשיניא: זייער סטייט האָט אין לעצטען מעמ־בערשיפ קאַמפּיין איבערגעשטיגען איהר קוואָטא. פאַר׳ן רעליעף האָבען זיי געזאַמעלט 4500 דאָלאַר, אַ חוץ נאָך טויזענדע דאָלאַרס, וועלכע זיינען נים געשיקט געוואָרען דורכ׳ן אַרב. רינג אָפיס. זיי שאַפען 30,000 דאָלאַר פאַר אַ לייבאָר ליסעאום אין נאָרפאָלק.

יאַנאָווסקי, קאָנעטיקוט: זייערע ברענטשעס צייכענען זיך אויס דערמיט, וואָס זיי נעהמען אַן אַקטיווען אנטייל אין אַלע וויכ־טיגע פראַגען און אַרבייטער־קעמפע. די אַרב. רינג דיוויזיע איז געווען די שעהנסטע אין דעם טרויער־מאַרטש געגען די פּאָגראָמען אין פּוילען. זיי האָבען פיעל געטאָן פאַר די קלאָוקמאַכער אויסצו־ראַמען די סקעב־נעסטען אין די אַרומיגע שטעדטלאַך. די שטעלונג פון אַרב. רינג פאַר איין אַרב. רינג אין אַמעריקא האָט געפונען אַ טיעפען אָפּקלאַנג און זיי קריגען איצט פיעלע מעמבערס פון אַנדערע אָרדענס.

מאַטענקאַ, קענעדע: זיי טוען אַלעס וואָס איז נויטיג פאַר דער באַוועגונג. זיי ליידען פיעל דערפון, וואָס זיי זיינען נאָך ניט לעגאַליזירט, אָבער זיי ווייסען, אַז מען טוט אַלעס און עס איז ניט וויים די צייט ווען זיי וועלען לעגאַליזירט ווערען. די קינדער־שולען זיינען ביי זיי אַן אינסטיטוציע וואָס וועט פאַרבלייבען. עס איז אָפּ־געהאַלטען געוואָרען אַ אידישער קאָנגרעס פון קענעדע און דער ראַדי־קאַלער פליגעל האָט דאָרט אויסגעאיבט אַ שטאַרקען איינפלוס. ביים אויסטיילען די דאָנייש אַנס צו די האָספּיטעלער זאָל מען ניט פאַרגעסען די צוויי האָספּיטעלער פון טאָראָנטאָ.

שיער, מינעסאָטא: עס איז דאָ מאַטעריאַל פאַר אָרגאַניזאַ־ציאָנס אַרבייט. אַן אָרגאַניזער וואָלט פיעל געקאָנט אויפטאָן. עס איז דאָ פּלאַץ פאַר נאָך ברענטשעס. לעצטענס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ באַוועגונג פאַר אַ קאָאָפּעראַטיווער בעקעריי. זיי האָבען גוטע אַרבייט געטאָן פאַר׳ן רעליעף און זיינען אַריבער די קוואָטא אין לעצטען מעמ־בערשיפ קאַמפּיין. ער דריקט אויס אַ דאַנק דער ליידיעס אוקזילערי פון סענט פּאָול פאַר זייער גוטער אַרבייט אין רעליעף קאַמפּיין.

סאָקאָלאָף, מערילאַנד: באַלד נאָך וואַפענשטילשטאַנד איז געוואָרען לעבעדיג און אַ גרויסער געלויף אין אַרב. רינג. יעצט צוליעב זומער, איז די אַרבייט עטוואָס אָפּגעשטעלט. זיי האָבען 800 דאָלאַר פאַר אַ שולע, ווילען הילף פון דער עדיוק. קאָמ. אַן אָרגאַ־ניזער וואָלט פיעל געקאָנט אויפטאָן זאָגאַר אין די יוניאָנס, מיט וועלכע זיי זיינען אין די בעסטע באַציהונגען.

בענענסאָן, אילינאָיז: שיקאַגאָ האָט 45 ברענטשעס און 3 ברענטשעס זיינען דאָ אין די אַרומיגע שטעדטלאַך. זיינען אַריבער זייער מעמבערשיפ קוואָטא און האָבען זעהר טעטיג געאַרבייט אין רעליעף קאַמפּיין. פיעל געהאָלפען האָט דער אַפּיעל פון דער עקז.

זיי האָבען אין שיקאַגאָ 3 קינדער־שולען מיט 9 טיטשערס, 1 סופּעראינטענדענט, 1 קלוירק און 3 פאַרוואַלטער. זיי האָבען זיך געטעקסט מיט 10 סענט אַ קוואָרטאַל פער מעמבער. די שולען קאָסטען זיי פון 17 ביז 18 הונדערט דאָלאַר אַ מאָנאַט.

שיקאַגאָ וויל האָבען אַ לייבאָר ליסעאום. לאָטס האָבען זיי שוין, אָבער עס דאַרף קאָסטען 150,000 דאָלאַר אויפצובויען. די ערשטע 20,000 דאָלאַר וועלען זיי שאַפען דורך אַ טעקס פון 5 דאָלאַר אויף יעדען מעמבער.

שקלאָווין, מישיגען: דעטראָיט איז איצט ניט גלענצענד. דער קאַמף פון די רעכטע און לינקע האָט געטאָן שאָדען. דעטראָיט האָט זיך גרויס פאַרנומען, אַ שעהנעם כאָר, אַ גרויסען אָרקעסטער א. אַז. וו., אָבער די צוויסטיגקייטען שטערען פיעל צו קענען אַר־בייטען האַרמאָניש און אָהן דעם איז ניט מעגליך צו שאַפען אַזעלכע גרויסע פינאַנציעלע מיטלען אויסצוהאַלטען אַלע שעהנע אינסטיטו־ציאָנען, וואָס זיי האָבען.

ער האָפט, אַז עס וועט אין גיכען בעסער ווערען און דאַן וועט דעטראָיט געוויס אויך האָבען אידישע קינדער־שולען. זיי האָבען אויך אינסטאַלירט אַן ענגליש־שפּרעכענדען ברענטש.

עס ווערט דאַן פאָרגענומען די קאָנסטיטוציאָנעלע ענטשיידונג



זיי זיינען ברייט געגוג
די טויערען פון רוהם,
און הויך און שעהן געווים,
באַפּראַנזט מיט גלאַנץ און שיין —
דאָך קען נישט יעדער איינער
צו יעדער צייט אַריין...

און מעגט איהר זיין ווי פיין,
ווי קלוג, ווי גוט, ווי פרום —
אויב איהר האָט עס נישט פאַרדיענט
מיט שווערער מיה און פיין,
מיט טריַיהייט, איבערגעבענהייט —
וועט איהר קיינמאָל דאָ נישט זיין!

# דאנק רעזאָלוציאָנען

איך דריק אויס מיין הערצליכען דאנק צו דעם טרענטאנער בר. 92, א. ר. און איבערהויפּט די פריינד: פערעלסטיין, פיין און גאָלדשטיין פאַר זייער ברידערליכער און פריינדליכער באהאנדל'ען א פריינד פון אַן אַנדער בר., וועלכען עס האָט אַן אונגליק געטראָפען. ביי מיר איז איין קינד געשטאָרבען אין אַ פאַרם נישט ווייט פון טרענטאן, און די אויבענדערמאנטע פריינד האָבען אַלעס אַטענדעט און האָבען מיין קינד באַערדיגט אויף זייער סעמעטערי. איך האָב אימער געליעבט מיין אָרגאַניזאַציאָן, דעם א. ר., אָבער יעצט האָב איך ערשט געהאַט די געלעגענהייט צו פיהלען די וויכטיגקייט פון א. ר. איך האָב גאָר קיין ווערטער נישט צו דאַנקען זיי. — **לואיס מייגער**, פון בר. 52.

---

מיר דריקען אויס אַ הערצליכען דאַנק צו פריינד מאררים איצקאָוויטש פאַר זיין איבערגעבענהייט אַלס רעק. סעק. און אַלס טרעזשורער און צו אונזער עקס רעק. סעק. י. זיטש, אַ ספּעציעלען דאַנק דריקען מיר אויס צו פריינד טהעאָדאָר לענטץ, פאַר זיין ערענסטער און אונערמיעדליכער אַרבייט אַלס „באָארד אָוו קאַנדידייטס" און נאכהער האָספּיטעלער און יעצט איז ער ווייטער ערוועהלט צו דעם אַמט פון ב. אָף קאַנדידייטס. אויך צו אונזער פינ. סעק. קאַרל טשאַוואָסאָוו, וועלכער איז ערוועהלט געוואָרען צום 3טען טערמין צו דיזען מאַט. אַלס אַנערקענונג פאַר זיין איבערגעבענער אַרבייט און מיה פאַר'ן ברענטש בפרט און דעם גאַנצען א. ר. בכלל האָבען מיר איהם פּרעזענטירט מיט איין גאָלדענעם זייגער און קייט. — די רעזאָל. קאָמיטע, בר. 478, א. ר.

מיר, די מעמבערס פון ברענטש 547 אַרבייטער רינג, דריקען אויס פון טיעפען הארצען אונזער דאַנק צו פריינד מאררים גיטליטץ, אונזער געוועזענער פינ. סעקרעטער, פאַר זיין טעטיגע אַרבייט און איבערגעבענהייט. — ברענטש 547, ר. מאַלק, סעקר.

---

מיר דריקען אויס אונזער אַכטונג און דאַנק צו אלע פריינד פון אונזער ברענטש, וועלכע ס'האָבען גור עטוואָס בייגעטראָגען צו פאַרשעהנערען און פאַרהערליכען דעם צעהן יאָהריגען יום טוב וואָס איז געפייערט געוואָרען דורך אַ באַנקעט דעם 10טען מאַי, 1919, און הויפּטזעכליך דאַנקען מיר דער אַראַנדזשמענטס קאָמיטע וועלכע באַשטעהט פון די פריינד: אַלטמאַן, מעטלאַפּסקי, שיק, סיזאר און פרוידבערג, סעם לאנד, סעם לאנדאַן, דזש. לאנד, סיגל, באַרזא, שאַפּירא, בוירד און אסתר שיפרין פאַר זייער דורכפיהרונג פון דעם באַנקעט ווי עס פּאַסט פאַר אַ ברענטש פון ארבייטער רינג. — די פּרעס קאָמיטע, ברענטש 295.

---

נעמענדיג אין אַנבאַטראַכט, אַז פריינד סעם מירמאַן, וועלכער איז געוועזן פינ. סעק. און אַ טעטיגער מעמבער אין אונזער בר. האָט געמוזט פאַרלאָזען די שטאָדט, זיי עס באַשלאָסען אויסצודריקען איהם אַן עפענטליכען דאַנק פאַר זיין ציוט און ענערגיע, וועלכע ער האָט געלייסטעט דעם א. ר. מיר האָפען, אַז אויך דאָרט, וואו ער איז יעצט וועט ער פאָרטזעצען זיין טעטיגקייט אין דעם קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פון אַרבייטער־קלאַס. — סעם ווילסאָן, רעז. קאָמ. בר. 826 אַרב. רינג.

---

צו מעמבערס אין עלטער פון 40 ביז 45 יאָהר קענען זיך טראַנספערירען אין אַ העכערען קלאַס? באַשלאָסען, אַז זיי האָבען יאָ אַ רעכט זיך צו טראַנספערירען נאָכקומענדיג אַ ספּעציעלע דאָקטאָר עקזאַמינעישאַן, און זיי דאַרפען צאָהלען לויט פולע רייטס פאַר די געהעכערטע אינשורענס.

פר. אַשפּיז ערקלערט, אַז ער האָט גערעדט אויפ'ן טעלעפאָן מיט פר. גוסקין, טשערמאַן פון דער סאניט. קאָמ. ער האָט זיך ענטשולדיגט פאַר זיין אבוועזענהייט און האָט איהם פאַרזיכערט, אַז וואָס זיי וועלען באַשליסען אין דער פראַגע פון דאָקטוירים, וועלען זיי דורך אונזער סעקרעטער לאָזען וויסען צו אַלע דירעקטאָרען. — ווערט מיט צופריעדענהייט אָנגענומען.

באַשלאָסען, אַז די פריינדע יאַנאָווסקי און טייטעלמאַן זאָלען פאָהרען אין סאניטאריום נאָך אונזער 4טען צוזאַמענפאָהר.

פר. אַשפּיז זאָל באַזוכען דעם סאניטאריום בעפאָר דעם צוזאַמענפאָהר פון די נייע נ. ב. א. ד. און זאָל זיי איבערגעבען אַ באַריכט, צו זייער ערשטען צוזאַמענפאָהר, פון די לעצטע פּאַסירונגען אין סאניטאריום.

באַשלאָסען, אַז עס איז דער וואונש פון דער נ. ב. א. ד., אַז אין דעם שטרייט צווישען די רעכטע און לינקע זאָלען אונזערע אָפּיציעלע קערפּערשאַפטען זיין נייטראַל.

באַשלאָסען צו שיקען אַ בריעף צו בר. 110, רהאָוד איילאנד, און איהם אויפפאָדערען זיך צוריק אָנצושליסען אָן דער סיטי אָרגאַניזיישאַן קאָמיטע.

באַשלאָסען צו רעקאָמענדירען צו דער נעקסטער נ. ב. א. ד., אַז עס איז ראַטזאַם, דאָס די זיצונגען פון דער נייישאָנאַל באָארד זאָלען אָנשטאַט יאַנואַר—יולי פאָרקומען אַ ביסעל שפּעטער, צ. ב. ש. מאַרטש—סעפּטעמבער, און זיי זאָלען זעהן, אַז די קאָנווענשאַן זאָל ענדערען די קאָנסטיטושאַן צו דיזען עפעקט.

פר. באַסקין גיט איבער אין נאָמען פון בר. 75 זייער באַדויערען וואָס זייער איינלאַדונג צו זייער 15־יאָהריגען יובילעאום איז אונז נים אָנגעקומען אין צייט, צו קענען זיין אנוועזענד אויף זייער שמחה. — ווערט אָנגענומען.

עס קומט דאַן פאָר דער שלום פון דעם 4טען און לעצטען צוזאַמענפאָהר פון דער נ. ב. א. ד. פון 1918־1919.

די פריינדע אב. עפּשטיין, טשערמאַן נאַצ. עקז. קאָמ., און י. באַסקין, גענ. סעק., האַלטען אַבשיעדס־רעדעס, אין וועלכע זיי דריקען אויס זייער צופריעדענהייט מיט דער אויפמערקזאַמקייט וואָס מיר האָבען געשאָנקען זייערע באַריכטען. זיי דריקען אויס די האָפנונג, אַז יעדער איינער פון אונז וועט אויך ווייטער טאָן זיין פליכט אין דער אַרבייט פון העלפען בויען.

אַלע דירעקטאָרען האַלטען שלום־רעדען, ווי אויך פר. ביילין, רעדאַקטאָר פון „פריינד".

פר. ל. בענענסאָן פּרעזענטירט דעם סעק. מ. י. אַשפּיז, מיט אַ זייגער אין נאָמען פון אַלע דירעקטאָרען פאַר זיין גוטער אַרבייט.

דער סעקרעטער באַדאַנקט און דריקט אויס זיין צופריעדענהייט מיט דיזען אנדענקען פון פריינדשאַפט און האַרמאָנישער אַרבייט. ער דריקט אויס די האָפנונג, אַז אונזערע צוזאַמענפאָהרען וועלען ברענגען גוטע רעזולטאַטען און עס וועט פאַרשטאַרקערען אונזער איבערגעבנעהייט און ענערגיע צו טאָן גוטע אַרבייט און מאַכען די נעקסטע קאמפּיינס אַ גרויסען ערפאָלג.

דערמיט ווערט דער 4טער צוזאַמענפאָהר פון דער נייישאָנאל באָארד אוו דירעקטאָרס געשלאָסען.

**מ. י. אַשפּיז, סעקרעטער.**

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען דאנק צו די פאלגענדע ברענטשעס פאר זייער אפרופען זיך אויף אונזער אפיעל: — צו 3 דאלאר ברענטשעס: 65, 127, 176; צו 2 דאלאר ברענטשעס: 103, 175, 264, 527, 529; צו $1.50 ברענטשעס: 319, 268; צו $1.25 ברענטשעס: 394; צו $1.00 ברענטשעס: 3, 5, 10, 11, 21, 27, 32, 36, 54, 62, 64, 69, 71, 78, 79, 80, 62, 94, 97, 101, 105, 113, 114, 116, 118, 120, 123, 126, 133, 135, 137, 145, 147, 155, 161, 163, 173, 174, 178, 182, 186, 191, 195, 197, 198, 200, 201, 207, 216, 217, 210, 211, 220, 221, 228, 237, 266, 284, 288, 292, 304, 308, 324, 348, 369, 371, 380, 390, 396, 403, 408, (413, אדער 415 ניט פארשטענדליך) 424, 435, 437, 441, 443, 456, 458, 466, 475, 495, 500, 516, 529, 531, 537, 555, 571, 573, 578, 582, 583; צו 50 סענט ברענטשעס: 6, 17, 19, 22, 23, 24, 29, 39, 40, 42, 45, 48, 52, 53, 63, 70, 83, 104, 109, 110, 121, 123, 134, 135, 136, 140, 154, 157, 169, 180, 183, 186, 199, 204, 242, 245, 250, 256, 259, 266, 276, 303, 304, 308, 311, 312, 313, 317, 320, 333, 342, 344, 352, 362, 369, 403, 404, 406, 429, 450, 470, 474, 496, 503, 505, 508, 522, 530, 534, 565, 570, 599, 606, 608; צו 25 סענט ברענטשעס: 251, 447, 603. מיר בעטען ענטשולדיגונג פון די סעקרעטערע וואס האבען פארלאנגט ספעציעלע רעסיטס; עס איז געווען אונמעגליך צו שיקען באזונדערע רעסיטס, זאל דיזע קוויטירונג דינען פאר זיי אלס רעסיטס. — מיט פריינדליכען גרוס, שלום עליכם בר. 478, קארל טשאוואסאוו, סעקרעטער.

---

מיר דריקען אויס אונזער אנערקענונג און דאנק צו אונזער פריינד סיימאן שארפ. אלס א פעהיגער שוישפיעלער האט ער צוזאמענגעקליבען א גרופע פון אונזערע מעמבערס אהן ערפאהרונג פון שפיעלען און האט מיט זיין שטארקער געדולד זיי איינגעשטודירט צו שפיעלען מיט זיי א אידישע טעאטער שטיק. דעם 27טען אפריל אין אבענד איז צום ערשטען מאל אין דער געשיכטע פון מייקאן, אין שעהנסטען טעאטער פון שטאדט, געשפיעלט געווארען א אידישע טעאטער שטיק און ארגאניזירט און אויפגעפיהרט געווארען פון מעמבערס פון אר. רינג, אונטער די אויפזיכט פון בר. 393. אונזערע אידישע בעלי בתים האבען אויף די זאך געקוקט מיט א שמייכעל און עס האלב איגנארירט, פון דעסטוועגען האבען מיר געהאט א גאנץ פיינעם עולם. די אונטערנעמונג איז געווען אן ערפאלג ניט אזוי פינאנציעל ווי מאראליש. דער אר. רינג האט זיך קיין מאל ניט אזוי אנגעזעהן אין שטאדט ווי יעצט. דער פראפיט איז געווען $184.15. נאך דער אונטערנעמונג האבען א סך מייקאנער אידען זיך פשוט געביסען די פינגער דערפאר וואס זיי האבען אונז איגנארירט. יעצט, ווען עס איז שוין באלד צוויי מאנאטען נאך דער אונטערנעמונג הערט מען נאך אלץ קאמפלימענטען פאר דעם דירעקטאר אונזערען, פריינד שארפ. דער ברענטש דריקט אויס זיין דאנק און אנערקענונג צו די פאלגענדע פריינדע וועלכע האבען אנטייל גענומען אין שפיעלען: פריינד ד. לעווין און פרוי ליבא לעווין, לואיס אראנסאן, פריינדין זאלקין, ס. שייער, דזשיי. ליפשיטץ, י. מארגאלין, מאסקאוויטש, לעוויט און א מעמבער פון א ניו־היווענער ברענטש, פריינד טאפליצקי. א הערצליכען דאנק צו מיסיס עלסא שמערלין, וועלכע האט געשפיעלט פיאנא אונענטגעלטליך. — בר. 393, א. ר., לייב לייבאוויטץ, רעק. סעק.

---

מיר, די פוהאוויץ קאסעווער ראדיקאלער ברענטש 259, א. ר., דריקען אויס אונזער הערצליכסטען דאנק אין נאמען פון אונזער ברענטש און אויך אין נאמען פון אונזער קראנקען מעמבער צו די פאלגענדע ברענטשעס, פאר שטיצען אונז. צו 2 דאלאר ברענטשעס: 212, 405; צו 1 דאלאר ברענטשעס: 11, 24, 27, 54, 55, 65, 79, 88, 90, 92, 94, 105, 137, 142, 161, 163, 169, 170, 186, 198, 207, 210, 211, 226 228, 244, 279, 284, 288, 311, 319, 348, 390, 314, 392, 443, 454, 456, 462, 475, 476, 481, 519, 537, 540, 541, 556, 513; ברענטש 500, 60 סענט; צו 50 סענט ברענטשעס: 10, 13, 17, 18, 19, 22, 23, 26, 32, 36, 37, 39, 42, 47, 53, 62, 63, 64, 69, 70, 71, 80, 83, 84, 87, 101, 106, 116, 118, 119, 120, 121, 123, 126, 127, 134, 136, 140, 145, 147, 162, 173, 174, 180, 182, 187, 197, 199, 208, 214, 220, 222, 240, 245, 250, 253, 258, 264, 266, 268, 269, 274, 292, 304, 312, 315, 317, 318, 320, 326, 344, 362, 367, 372, 386, 413, 414, 416, 422, 429, 431, 435, 441, 450, 457, 470, 489, 496, 505, 510, 522, 530, 534, 545, 547, 554, 565, 570, 571, 583, 599, 606, 610, 611, 612; צו 25 סענט ברענטשעס: 251, 447, 576. — י. גאלדמאן, א. סטיינזער, קאמ.

---

מיר דאנקען די ברענטשעס וואס האבען געשטיצט אונזער אלמנה מיט 3 קליינע קינדערלאך. ברענטש 244, ווערט געדאנקט פאר שטיצען אונז מיט $4.25 דורך קאלעקשען ביי זייער מיטינג. א הערצליכען דאנק צו ברענטש 483, וואס האבען אונז געשטיצט מיט $3.00. פאלגענדע ברענטשעס האבען אונז געשטיצט מיט צו 1 דאלאר: 1, 3, 8, 11, 22, 24, 27, 38, 40, 41, 45, 52, 55, 62, 69, 74, 78, 79, 80, 92, 103, 104, 105, 106, 110, 112, 120, 121, 123, 125, 126, 135, 137, 139, 141, 142, 146, 148, 161, 166, 174, 175, 191, 195, 198, 196, 202, 207, 212, 215, 216, 221, 223, 224, 228, 232, 234, 237, 255, 258, 266, 269, 274, 279, 284, 285, 287, 292, 296, 297, 302, 304, 311, 312, 314, 317, 326, 330, 335, 336, 338, 366, 367, 369, 371, 382, 389, 392, 395, 403, 405, 414, 425, 427, 432, 435, 441, 443, 457, 464, 474, 475, 495, 502, 503, 505, 507, 510, 516, 520, 521, 530, 531, 534, 535, 537, 551, 554, 573, 578, 586, 594, 599, 608; צו 75 סענט ברענטשעס: 187, 386; צו 50 סענט ברענטשעס: 4, 6, 7, 10, 18, 19, 28, 29, 39, 42, 46, 47, 48, 53, 63, 64, 65, 70, 71, 77, 83, 84, 87, 96, 69, 101, 107, 116, 119, 127, 133, 134, 136, 140, 154, 159, 162, 185, 197, 208, 209, 214, 219, 220, 240, 242, 245, 250, 251, 253, 261, 264, 278, 282, 288, 290, 315, 316, 319, 320, 344, 349, 362, 397, 408, 413, 416, 418, 422, 429, 459, 470, 473, 481, 486, 489, 496, 522, 525, 529, 545, 547, 556, 564, 565, 569, 570, 580, 583, 603, 606, 610; צו 25 סענ טברענטשעס: 350, 447, 576.

---

קוויטירונג פון דער שיקאגא'ר דיסט. ארג. קאמיטע פאר דעם פאנד, צו העלפען קאנסאמפטיווע מעמבערס וואס פאהרען פון די וועסט אהיים. בר. 207 5 דאל. פאלגענדע בר. צו 5 דאלאר: 162, 522, 210, 216, 391, 240, 128 און 119. די פאלגענדע בר. האבען געגעבען צו 2 דאל. 376, 395, 590, 112, 22, 80, 210, 264, 27, 24, 92, 150. די ברענטשעס האבען געגעבען צו דאלאר: 459, 145, 232, 10, 251, 198, 33, 260, 295, 474, 284, 185, 288, 62, 571, 21, 483, 54, 123, 275, 433, 253, 28, 79, 53, 410, 186, 197, 541, 567, 220, 348, 64, 603, 326, 2279, 500, 556, 161, 242, 362, 367, 261, 405, 268, 527, 174, 206, 39, 42, 13, 316, 447, 193, ברענטשעס צו 50 סענט: 140, 104, 529, 320, 234, 209, 54, 160, 258, 120, 576, 269, 281, 245, 534. 53, אבראהאמס מעמבער פון בר. 383 האט דאנייטעט 3 דאלאר, ברענטש פון פראווידענס ראוד איילאנד (דר. ניו. ניט באוויוסט) 1 דאל. בר. 479 $2,20 צוזאמען $124,20, אפגערופען אויף דיזען אפיעל האבען זיך נאר 95 ברענטשעס, מיר האבען עדווארטעט אז פון די זעקס הונדערט ברענטשעס זאלען אמווענינגסטענס 400 ברענטשעס ענטפערען אויף דיזען אפיעל. מיר האבען געדענקט אז דער רוף צו די ברענטשעס בייצושטייערען, פאר אזא הייליגען צוועק, ווי העלפען א קאנסאמפטיווען פריינד וואס פאהרט פון די וועסט, און בלייבט שטעהן אין מיטען וועג, האט ניט גענוג געלט פארטצוזעצען זיין רייזע צו קומען אהיים צו זיין פאמיליע, קומט אין א פרעמדער שטאדט, וואוהין זאל ער געהן? און צו וועמען זאל ער זיך ווענדען? אט פאר די אומגליקליכע האבען מיר געמאכט דעם אפיעל.

ליידער, ליידער האבען זיך א קליינע צאהל ברענטשעס אבגערופען. דער פארדרוס איז אויך וואס איידער מיר האבען ארויסגעשיקט דעם אפיעל האבען מיר געהאלפען א אומגליקליכען פריינד מיט 35 דאלאר א טיקעט ביז נויארק, דער ברענטש האט געוואוסט, פון די הילפע וואס מיר האבען געגעבען צו זיין מעמבער, אויך דער ברענטש האט ניט געפונען פאר נויטיג צו ענטפערען אויף דיזען אפיעל, עס קען זיין אז דער סעקרעטער האט ניט ערהאלטען אונזער צושריפט... יעדענפאלס באדאנקען מיר די ברענטשעס וואס האבען געענטפערט אויף דעם אפיל.

ל. בענענסאהן, סעק. שיקאגא, ד. ק.

---

דער רוסישער פראלעטאריאט מיט זיין רעוואלוציע האט געמאכט דעם ערשטען טריט אויף דעם וועג פון דער ענטוויקלונג פון'ם סאציאליזם פון א וויסענשאפט צו א פראקטישער זאך — קארל ראדעק.

* * *

די מלחמה האט זיך געענדיגט, אבער דער קלאסען־קאמף האט זיך אנגעפאנגען, דער קאמף, וואס וועט מיט אן אמת אנטשיידען דעם גאנצען שיקזאל פון דער מענשהייט. — דר. מאקס אדלער.

* * *

א מלחמה איז סוף־כל־סוף קאלעקטיווער מארד, קאפיטאליזם איז קאלעקטיווע גזילה און סאציאליזם איז נישט קיין אנדערע זאך ווי דער קאלעקטיווער גליק...

* * *

ווען איהר קלאפט אן דער טיר פון דער צדקה־אנשטאלט הילכט ארויס פון דארט די פוסטקייט. אין די טיר פון א. ר. דארפט איהר נישט קלאפען. פאר אייך שטעהט זי שטענדיג אפען...

יעצט, רומעניען, קענסט דו שוין צורייסען דאס שטיקעל פאפיער, וואס דו האסט ניט אונטערגעשריבען וועגען אידישע רעכטע. דו

* * *

האסט זיך שוין אויסגעקויפט פון אלע עבירות, וואס דו וועסט נאך אמאל טאן מיט דיין נאבעלער טאט אין אונגארן...

* * *

אפטמאל וואונדערען מיר זיך, ווי קומט צום שטאלצען און הויכען שטרוים אזעלכע מיאוס'ע צודרעהטע פיס, און ווי קומט עס צו ווילסאנ'ען צו האבען אזעלכע צוהעלפער, ווי לאמאר, בורלסאן און קאמפ.

* * *

**געזונדער גענוס איז דאס וואס שפייזט דעם גייסט און פארניכטעט ניט דעם קערפער.**



# אין דער א. ר. שול־באַוועגונג



## די א. ר. לעהרער־קורסען

דעם 14טער סעפטעמבער עפענען זיך שוין די לערער־קורסען פון א. ר. מיר ציהען די אויפמערקזאמקייט פון אידישע פּאַבליק־סקול לערער־סאָציאַליסטען אויף אָט דער געלעגענהייט, וואָס זיי האָבען צו קענען ווערען לערער אין איינער פון די א. ר. שולען. אינטעליגענטע מענשען מיט אַ העכערער בילדונג, וואָס וואָלטען זיך אויך וועלען נוצליך מאַכען אין דער א. ר. שול־באַוועגונג, קענען זיך אַנשליסען אָן די קורסען. פרייז 20 דאָלאַר אין לייכטע אויסצאָהלונגען.

---

פון די דריי אידישע ארבייטער־רינג שולען, וואָס עקזיסטירען אין ניו־יאָרק, האָט זיך איינע (וויליאמסבורגער) געעפענט אין אָנהויב נאָוועמבער; די צווייטע (האַרלעמער) — אין מיטען נאָוועמבער פון פאָריגען יאָהר; און די דריטע (בראָנזוויללער) — אין אפּריל 1919.

אין משך פון ווינטער און בכלל ביז די פּאָבליק סקולס האָבען זיך געשלאָסען און די קינדער האָבען באַקומען וואַקאַציע, זיינען די לימודים אין די שולען אָנגעגאַנגען אויף אַ באַשטימטען סדר, צוגעפּאַסט צו דער צייט, וואס די קינדער האָבען געהאט פריי פון דער פּאָבליק־סקול. מען פלעגט דאַמאָלסט לערנען אין אָוענט פון א זייגער 4, אָדער עפּעס פריהער, און ביז 7 אָדער 8. שבת און זונטאג האָט מען געלערנט אין דער פריה פון 10 ביז 1. פרייטאג איז געווען אַ פרייער טאָג אין צוויי שולען; אין דער דריטער איז דער פרייער טאָג געווען זונטאג. די צאָל קינדער איז אין די שולען פאַר'ן שליסען פון די פּאָבליק־סקולס געווען: אין האַרלעם א 265, אין וויליאמסבורג א 100 און אין בראָנזוויל עטליכע און נייונציג.

מיט'ן אָנקומען פון די „פרייע" זומער־מאָנאַטען האָט זיך זעהר פיעל געענדערט דער סדר פון לערנען אין אלע שולען, אזוי ווי די קינדער זיינען פריי פון פּאָבליק־סקול, האָט מען אין די אידישע שולען אָנגעהויבען צו לערנען אין דער פריה. איצט לערנט מען אין די שולען פון 9 ביז 12 אָדער פון 9:30 ביז 12:30 אין דער פריה.

די צאָהל קינדער, וואָס האָט פאַרלאָזען די שולען צוליב די וואַקאַציעס איז זעהר גרויס. אין האַרלעם זיינען פון די קינדער, וואס האָבען באזוכט די שול ביז סוף אדער מיטען יוני (א 265 קינדער), פאַרבליבען לערנען אויפ'ן גאנצען זומער, בלויז עפּעס מעהר פון 100 קינדער. אַלע אַנדערע זיינען אָדער אַרויסגעפאָהרען פון שטאָט, אָדער זיי זיינען אין שטאָט נאָר זיי האָבען אויפגעהערט צו געהן אין שול אויף דער צייט פון די הייסע זומער־מאָנאַטען. לויט די ידיעות, וואָס מען האָט געקאָנט צונויפקלייבען ביי די קינדער, וועט די גרעסטע מעהרהייט פון זיי, וואָס האָבען איצט איבערגעריסען דאָס לערנען, צוריק־קומען אין שול אין אָנהויב פון נייעם לערן־יאָהר. אָבער דערווייל איז די צאָל פון די, וואָס האָבען אויפגעהערט לערנען, זעהר אַ גרויסע. אין בראָנזוויל איז פון א 90 קינדער, וואס האָבען געלערענט אין יוני, געבליבען בלויז א 35 און אין וויליאמסבורג איז פון 84 קינדער געבליבען בלויז 33.

און פון די קינדער, וואָס באַזוכען די שול, געהען ניט אַלע רעגעלמעסיג. אַמאָל פאָהרען די ארויס אויף אַ פּאָר וואָכען מיט אַ קלוב אדער אויף אן אנדער אופן, אמאָל אנדערע, אפּטמאָל פאָהרען די קינדער אַרויס מיט זייערע עלטערען אויף אַ פּאָר טעג. אַזוי אַז דער באַזוך פון די קינדער איז פּראָפּאָרציאָנעל ניט אזוי גרויס ווי אין די קיהלע מאָנאַטען.

ווייל די צאָהל פון די פאַרבליבענע קינדער איז ניט קיין גרויסע, האָבען איניגע קלאַסען אַרויסגעוויזען זיך פאַר צו קליין, מען זאָל זיי קאָנען אָנהאַלטען אַזוי ווי זיי זיינען פאַרבליבען. מען האָט דעריבער געמוזט פאראייניגען צייטווייליג די צוויי קלאסען צוזאַמען. אין האַרלעמער שול, וואו עס זיינען געווען פאראלעלע קלאַסען, האָט דאָס די לימודים ניט פיעל געשטערט, און אפשר גארניט. אין די אנדערע שולען איז די לאַגע צוליעב דעם אַביסער ערגער, אָבער זעהר שטאַרק האָט זיך דאָס אויף דעם ערפאָלג פון די לימודים ניט אָפּגערופען.

אין אָנהויב פון וואַקאַציע אין די פּאָבליק־סקולס, האָט מען אין אַלע דריי שולען געעפענט די רעגיסטראַציע פון נייע קינדער. מען האָט דעמאָלט געהאט באַשלאָסען צו מאַכען די שולען מעהר באַקאַנט צווישען עולם דורך אַנאָנסען, בלעטלעך און קארטען. די צאָהל נייע קינדער וואָס האָבען זיך רעגיסטרירט אין די שולען זיינען: אין האַרלעם 52, און בראָנזוויל 63, אין וויליאמסבורג 36. פון די נייע קינדער האָבען זיך צוזאַמענגעשטעלט נייע אָנפאַנג־קלאַסען. אין האַרלעם האָט מען אָט די אנפאנגער איינגעטיילט לויט'ן עלטער אין צוויי באַזונדערע קלאַסען: עלטערע, וואָס קאָנען געהן שנעלער, און איינגערע קינדער — פון 7-8 יאהר, וואס מוזען געהן לאַנגזאַמער.

די לימודים אין די קלאַסען געהען אָן כמעט אזוי ווי ווינטער. די קינדער, וואָס זיינען געבליבען, געהען אָן ווייטער מיט אַלע געגענשטאַנדען אזוי, אַז די קינדער וואָס זיינען אויף וואַקאַציעס וועלען מוזען ביים אָנהויב פון דער ווינטער־שול צו האָרעווען, כדי צו דעריאגען זייערע חברים פון זעלבען קלאס, אדער זיי וועלען מוזען אָפּשטעהן און בלייבען אין אַביסעל א נידעריגערען קלאָס. איצט זיינען די קינדער פריי א גאנצען טאָג און דעריבער איז מעגליך אַרויסצוגעבען זיי — באַזונדערט די עלטערע קינדער — געוויסע ארבייט א היים אויך. מעהרסטענטיילס גרייטען זיי צו די אַרויסגעגעבענע ארבייט.

אויסער דעם וואָס די קינדער לערנען אין שול, אָרדנען די שולען נאָך איין פּאַר זיי ספּעציעלע אַרויספּאָרען אין די פּאַרקען: די האַרלעמער שול אין סענטראל פּארק און בראָנקס פּארק, די בראָנזווילער און וויליאמסבורגער — אין פּראָספּעקט פּארק און קוני־איילענד. די קינדער פאָהרען אַרויס געוועהנליך איין מאָל אַ וואָך. אויף די אַרויספאָהרען שפּילען זיך די קינדער; די לערער זעהען צו אָרגאַניזירען דערביי די פאַרשיידענע שפּילען. אויסערדעם ווערען דערצעהלט מעשות און געשיכטע. אַ פּאָר מאָל האָבען די קינדער מיט זיך מיטגעבראכט אויך זייערע ביכער און מען האָט מיט זיי דאָ־טען געלייענט, אַזוי אז זיי האָבען געהאט כמעט אַ רעגולערע לעקציע אונטער'ן פרייען הימעל. איין מאָל זיינען די קינדער ארויסגעפאָהרען צו די חיות אין זאָאָלאָגישען גארטען און די לערער האָבען דערקלערט די קינדער א סך זאַכען וועגען דעם לעבען פון די חיות. די קינדער זיינען פון די אַרויספאָהרען מעהר ווי צופרידען. זיי באַקומען אַ גאַנצע רייהע נייע איינדרוקען מיט וועלכע זיי טיילען זיך מיט זייערע פריינד. אָפּטמאָל ווערען דערנאָך אין די קלאַסען געפיהרט שמועסען וועגען דאָס געזעהענע און געהערטע אויף די אַרויספאָהרען. קיין געלט קאָסטען די ארויספאָהרען מעהרסטענטייל ניט דער שול, ניט די קינדער, ווייל די שולען באַנוצען זיך מיט דער פּריווילעגיע צו פאָהרען מיט קינדער פריי אין סאָבווי און אויפ'ן עלעווייטאר אין געוויסע ריכטונגען אין אַ באַשטימטער צייט. אָפּטמאָל ברענגען די קינדער מיט זיך אויף די אַרויספאָהרען זייערע פריינד. דערפאר אָבער קומט א צאָל קינדער פון דער שול גופא ניט צו די אַרויספאָהרען: איניגע קאָנען ניט פאָהרען אין סאָבוויי; די אנדערע ווערען געשטעלט פון די עלטערען צו פאָהרען. הגם עס האָט פאר דער גאנצער צייט פון די ארויספאָהרען ניט פּאסירט קיין שום שלעכטער צופאל, דאָך האָבען איניגע מוטערס מורא אָנצוטרויען זייערע קינדער דער אויפזיכט פון די לערער.

אַ דאַנק דעם, וואָס דער געזאַנגס־לערער איז אַוועקגעפאָהרען, איז איבערגעריסען געוואָרען דער לימוד פון געזאנג. איין שול, די וויליאמסבורגער, האָט אין א געוויסער צייט ארום אָנגעשטעלט א געזאנגס־לערערין; אין די אַנדערע צוויי שולען אָבער ווערט דער־ווייל אָבער גאָר ניט געזונגען. די אורזאכען זיינען: 1) ווען מען זאָל איצט אָנשטעלען אַ לערער, וואָלט ער געדאַרפט שפּעטער, ווען די קינדער וועלען צוריק קומען פון וואַקאַציעס, מוזען מיט זיי נאָך אַמאָל איבערזונגען די זעלבע ליעדער, וואָס ער זינגט איצט איין אין די קלאַסען; און 2) רעכענען די שולען בכלל אוועקצושטעלען דאָס געזאַנג אויף אַן אַנדערען יסוד. זיי ארבייטען איצט אוים אַ פּראָגראם פון געזאנג, זיינען זיך צוליב דעם מישב מיט

אויטאָריטעטע פּערזאָנען און זוכען אַ געזאַנגס־לערער, וואָס זאָל קאָנען אוועקשטעלען דעם לימוד אויף דער געהעריגער הויך, אַזוי אַז די קינדער זאָלען ניט בלויז אויסלערנען זיך זינגען אַ געוויסע צאָל לידער, נאָר עס זאָל זיך ביי זיי אויך אַנטוויקלען דאָס געהער און דער מוזיקאַלישער חוש און זיי זאָלען זיך אויסלערנען לייענען נאָטען.

די זעלבסט־טעטיגקייט פון די קינדער געהט באַזונדערס גוט אָן אין דער בראָנזווילער שול. די עלטערע קינדער האָבען דאָרט יעדע וואָך פאַרזאַמלונגען און פיהרען זעהר אָפט דורך מיט אייגענע קרעפטען פאַרשיידענע פאַרוויילונגען פאַר די קינדער. אויסערדעם איז אין דער שול איינגעפיהרט, אַז נאָכ׳ן לערנען, ביי טאָג, קומען זיך די קינדער ווידער צונויף און פאַרברענגען און שפּיעלען זיך אינ׳ם גרויסען האָל פון דער שול אונטער דער אויפזיכט פון דעם לערער. און די אַנדערע שולען איז די זעלבסטטעטיגקייט פון די קינדער שוואַכער. די קלובען זיצונגען זיינען ניט רעגעלמעסיג א דאנק דעם, וואָס אַ סך פון די מיטגלידער זיינען זיך צעפאָהרען, אייניגע ארבייטען און קאָנען ניט קומען אין דער צייט, וואָס וואָלט געווען באַקוועמער פאַר די אַנדערע קינדער, און אייניגע פאָרען אָפט ארויס מיט די עלטערען.

די פינאַנציעלע לאַגע פון די שולען איז אין די לעצטע מאָנאַטען פיעל שוואַכער. ערשטענס ווערט אריינגענומען אַ סך ווייניגער שכר למוד, ווי אין די פריהערדיגע מאָנאַטען, און צווייטענס, איז די צייט ניט באַזונדערס מסוגל פאַר אונטערנעמונגען. אַזוי, אַז יעדע שול האָט געמאַכט אַ דעפיציט — איינע אַ קלענערען די אַנדערע גרעסערע. די פאַרוואַלטונגען פון די שולען אָבער האָפען, אַז באַלד ווי עס וועט ווערען קיהלער, וועט מען קאָנען ווידער מעהר טאָן און די דעפיציטען וועלען געדעקט ווערען.

לעצטענס האָט זיך אָרגאַניזירט זעהר אַ גוטע פאַרוואַלטונג אין דער בראָנזווילער שול. די אר. רינג ברענטשעס פון בראָנזוויל האָבען אין איהר אריינגעשיקט זייערע פאָרטרעטער און זיי אַלע צוזאַמען מאַכען אַלע מעגליכע אַנשטרענגונגען, אַז די שול זאָל זיין אַ גרויסער ערפאָלג. צוערשט האָט דאָרטען די שול געהאַט געגנער פון צוויי צדדים: פון איין זייט — די אָרטאָדאָקסען. זיי האָבען ביי זיך געהאַט אָפּגעמאַכט, אַז די ארבייטער־רינג שול גראָבט אונטער די גאַנצע אידישקייט און זיי האָבען באַשלאָסען צו שעדיגען איהר מיט וואָס זיי קאָנען נאָר. זיי האָבען ארויסגענומען די קאַרטען, וואָס האָבען אַנאָנסירט די שול, פון די פענסטער פון אַ רייהע קראָמען; האָבען געלאָזט וויסען דעם קצב וואָס האָלט אַ קראָם ניט ווייט פון דער שול און ביי וועמען עס איז אויך געווען אַזאַ קאַרט אין פענסטער, אַז מען וועט אסר׳ן זיין פלייש, אויב ער וועט די קאַרט ניט ארויסוואַרפען. און פון דער צווייטער זייט האָבען געשטערט מיטגלידער פון ארבייטער־רינג גופא: זיי האָבען געזאָגט, אַז די שול מאַכט די קינדער פאַר צופיעל אידען, אַז זי איז אַ צווייטע תלמוד־תורה א. ד. ג. און זיי האָבען ניט דערלאָזען, אַז געוויסע בראָנזווילער ברענטשעס זאָלען שיקען זייערע פאָרטרעטער אין דער פאַרוואַלטונג פון דער שול און בכלל געסטאַרעט זיך צו שעדיגען איהר.

לעצטענס אָבער האָבען ביידע צדדים אויפגעגעבען דעם קאַמף. די אָרטאָדאָקסען האָבען דערזעהן, אַז זייער ארבייט איז אַן אומזיסטע, אַן ארויסגעוואָרפענע. און די מיטגלידער פון ארבייטער רינג האָבען דערזעהן, אַז זייער פאָראורטייל געגען דער שול איז געווען געגרינדעט אויף ניט ריכטיגע אינפאָרמאַציעס. און ווען זיי האָבען זיך נעהענטער באַקאַנט מיט דער שול, האָבען זיי אויפגעגעבען זייער געגענערשאַפט און גענומען זיך העלפען איהר אין איהר ארבייט.

אַ היבש ביסעל האָבען פּאָפּולאַריזירט די בראָנזווילער שול, אויך איהרע עטליכע עפענטליכע אונטערנעמונגען, וועלכע זיינען דורכגעגאַנגען מיט גרויס ערפאָלג. די שול האָט אַן אייגענעם גרויסען זאָל און קאָן זיך פאַרגינען צו מאַכען אָפט אַזעלכע אונטערנעמונגען. די קינדער זיינען יעדעס מאָל ארויסגעטראָטען און האָבען דערמיט געהאָלפען צוצובינדען די עלטערן צו דער שול. לעצטענס האָט זיך דאָרטען געגרינדעט אַ מוטער־פאַראיין, וועלכער האָט זיינע פאָרטרעטער אין דער פאַרוואַלטונג פון דער שול און טוט גאַנץ גוטע ארבייט, באַזונדערס מיט זיין הילף ביי די ארויספאָהרען פון די קינדער.

אַזוי ווי אַלע דריי שולען האָבען געוויסע עהנליכע אדער געמיינשאַפטליכע ארבייטען דורכצופיהרען; און אַזוי ווי עס איז אין אַלע דריי שולען געווען דער פאַרלאַנג, אַז די פּראָגראַם און דאָס ארט לערנען פון די שולען און אויך די פאַרוואַלטונג זייערע זאָל זיין וואָס מעהר איינהייטליך, האָבען די שולען געגרינדעט אַ פאַראייניגטען קאָמיטעט פון זיי אַלעמען דריי. אין דעם קאָמיטעט געהען דריין צו איין לערער און צו איינעם פון דער פאַרוואַלטונג פון יעדער שול, און חוץ דעם — פאָרטרעטער פון דעם אַלגעמיינעם בילדונגס־קאָמיטעט (עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע) פון ארבייטער רינג און פון דעם שטאָטישען בילדונגס־קאָמיטעט. דער פאַראייניגטער קאָמיטעט האָט דורכצופיהרען די פאַרשיידענע פּרעס־ארבייט פון די שולען, פאַרטרעט די שולען פאַר דעם בילדונגס־קאָמיטעט, פיהרט דורך געמיינשאַפטליכע אונטערנעמונגען, ווי ארויספאָהרען א. ד. ג.; הייסט גוט יעדען נייעם לערער, וואָס ווערט אַנגעשטעלט אין די שולען; העלפט אָרגאַניזירען נייע שולען; באַשטימט קאָמיסיעס אויף אויסצואַרבייטען די גענויע פּראָגראַם, די פאָרמען פון שול־פיהרונג, פון בוכפיהרונג אין אָפיס א. ד. ג. די פאַראייניגטע קאָמיסיע האָט אריינגעטראָגען א סך איינהייטליכקייט אין דער גאַנצער ארבייט פון די שולען.

לעצטענס איז אין דער משפּחה פון די ארבייטער־רינג שולען אריינגענומען געוואָרען נאָך איינע. דאָס איז די מוזיקאַלישע שול פון ברענטש 615. עס איז אנערקענט געוואָרען פון די שול־טוערס און פון דעם בילדונגס־קאָמיטעט, אַז די מוזיקאַלישע ערציהונג דאַרף ווערען אַ נויטווענדיגער טייל פון דער אַלגעמיינער ערציהונג פון די אידישע ארבייטער קינדער, און מען דאַרף שטרעבען דערצו, אַז וואָס אַ גרעסערע צאָל קינדער זאָלען קאָנען באַקומען אַ מוזיקאַלישען אונטערריכט אויף דעם אָדער יענעם אינסטרומענט. די מוזיקאַלישע שול, וואָס דער ברענטש 615 האָט געהאַט געגרינדעט, איז פריהער ניט געווען פאַרבונדען מיט די אַנדערע שולען און האָט ניט באַקומען קיין סובסידיע פונ׳ם ארבייטער רינג. איצט אָבער איז זי אריינגערעכענט געוואָרען אין דער צאָל פון די שולען און זי שיקט איהרע פאָרטרעטער אין דעם פאַראייניגטען שול־קאָמיטעט.

די מוזיקאַלישע שול האָט קלאַסען פון פּיאַנאָ, פידעל, וויאָלאָנטשעל, גיטאַרע און מאַנדאָלינע. יעדער שילער האָט איין לעקציע אַ וואָך, אויסער אַ ספּעציעלער לעקציע אין טעאָריע פון מוזיק. די צאָלונגען דאָרטען זיינען פיער דאָלאַר אַ מאָנאַט. קינדער, וואָס באַזוכען אַ אידישע ארבייטער־רינג שול צאָלען בלויז דריי דאָלאַר אַ מאָנאַט. פאַר די וואַקאַציעס איז די צאָל שילער אין דער שול (סיי קינדער, סיי דערוואַקסענע), געווען עטליכע און נייינציג: איצט איז די צאָל זייערע קלענער געוואָרען ביז 75. די שול האָט די בעסטע לערער און די קינדער האָבען געמאַכט גרויס ערפאָלג אין זייער שפּיעלען.

צוליעב דער אוממעגליכקייט צו געפינען אַ פּאַסיגען פּלאַץ, איז נאָך ביז איצט ניט געעפענט געוואָרען קיין שול דאַון־טאַון און אויך ניט אין בראָנקס. עס ווערען אָבער אַנגענומען מיטלען, אַז עס זאָלען געפונען ווערען פּאַסיגע דירות, און אין גיכען וועלען דאָרטען מסתמא געעפענט ווערען שולען. עס ווערען אויך געמאַכט געוויסע פאַרבאַרייטונגען צו עפענען נאָך אַ שול אין אַן אַנדער טייל פון האַרלעם.

---

## וויליאַמסבורגער אידישע ארבייטער רינג שולע

(האַלב־יעהרליכער באַריכט)

דער פינאַנציעלער רעפּאָרט אונזערער פאַר די ערשטע זעקס חדשים וואָס מיר האָבען די שולע געגרינדעט, דאָס הייסט פון נאָוועמב. 1918 ביז אַפּריל 1919, רעדט פאַר זיך אַליין. אורטיילענדיג פון די קאַלטע ציפערען קען זיך אויסדוכטען, דאָס אונזער ערפאָלג איז ניט געווען זעהר גרויס. באַטראַכט מען אָבער די זאַך אַ ביסעל גענויער, זעהט מען פאַר זיך אַן אמת שעהנע בילד פון ענערגישער ארבייט, איבערגעבענהייט פון אונזערע מעמבערס, און אַלס אַ רעזולטאַט דערפון אַן עכט ניצליכע אינסטיטוציאָן פאַר דער אידישער ראַדיקאַלער באַפעלקערונג אין וויליאַמסבורג.

עס איז אונז אַנגעקומען אין אָנפאַנג ניט זעהר לייכט. ווי ביי יעדער פאָלקס־אינסטיטוציאָן איז די אויפבויאונג פון אונזער שול אָנגעקומען שווערליך. עפּעס האָט זיך דער עולם אונזערער געקוויינקעלט און ניט געוואָלט אָפּנעהמען זייערע קינדער פון די פינסטערע חדרים און תלמוד־תורה־הייזער. אריינצוגעבען זיי אין באַקוועמע שולען, אונטער דער אויפזיכט פון מאָדערנע לעהרער, איז זיי אויסגעקומען צו זיין אַ „געוואַגטער" שריט. זיי האָבען זיך דערפאַר געשראָקען. עס זיינען אויך געווען פיעל מורא׳דיגע „ראַדיקאַלען" צווישען אונזערע מעמבערס, וואָס האָבען געמיינט, דאָס מיר ווילען מאַכען זייערע קינדער פאַר פרומע אידען און ניט פאַר סאָציאַליסטען.

אָבער מיט דער צייט איז אונז געלונגען צו איבערצייגען אַלעמען, דאָס אונזער שול פּלאַנצט איין אין די קינדער דעם ווירקליכען גייסט פון אונזער אידיש־סאָצ. ארבייטער־רינג. אונזער פריהערדיגער לעהרער פר. גאָלדמאַן, האָט פיעל בייגעטראָגען דערצו. די פריינדליכע באַציהונגען פון לעהרער מיט די עלטערען פון די קינדער און אויך די אָפטע פאַרזאַמלונגען פון די עלטערען אַליין האָבען אויך פיעל געהאָלפען.

אין אָנפאַנג האָבען מיר בלויז גערעכענט $1.50 אַ מאָנאַט פאַר 2 קינדער. מיר האָבען זיך געשראָקען צו שטעלען אַ העכערען פּרייז. דאָס האָט נאַטירליך געמאַכט אונזער פינאַנציעלען צושטאַנד זעהר שוואַך. שפּעטער האָבען מיר דעם פּרייז עטוואָס געהעכערט און יעצט צאָהלען די עלטערען $2.50 אַ מאָנאַט פאַר 2 קינדער און $1.50 פאַר 1 קינד, אַזוי ווי אין דער האַרלעמער שולע. די קינדער קומען צו אונז אין דער זעלבער צאָהל יעצט פּונקט ווי פריהער. און ווען מיר וואָלטען פאַרגרעסערט די שולע, וואָלטען מיר געהאַט נאָך קינדער. דאָס באַווייזט, אַז די עלטערען ווייסען זעהר גוט ווי צו שעצען אונזער

---

# וואָס עס איז אונז אויסגעקומען צו זעהן. —

ברוך צוקערמאַן

אַרבייט, און אַז מען האָט נאָך אין זינען דאָס די אידישע באַפעלקערונג אין וויליאמסבורג איז ניט קאָנצענטרירט אין איין פּלאַץ, האָבען מיר געוויס ניט וואָס צו באַקלאָגען זיך אויף די רעזולטאַטען.

ה. זאקהיים.

---

## דער גרויסער ערפאָלג פון די שיקאַגאָ'ר אַרבייטער רינג שולען

אויב ס'האָט ווער געצווייפעלט אין דעם ערפאָלג פון די ארבייטער רינג שולען; אויב ס'האָט ווער ניט געגלויבט אין דער מעגליכקייט צו לערנען אַמעריקאַנער געבוירענע קינדער ריידען אַ ריינעם אידיש און אויפוועקען אין זיי אויידעלע עסטעטישע געפיהלען האָט זיי, דער ערשטער עפענטליכער ארויסטריט פון די ארבייטער רינג שול־קינדער, ביי דעם ארבייטער רינג פיקניק, איבערצייגט אין אונזער גרויסען ערפאָלג.

קינדער, וועלכע האָבען מיט דריי מאָנאַטען צוריק ניט געקענט ריידען אַ וואָרט אידיש, האָבען קלאָר און מיט געפיהל, דעקלאַמירט אַ סך ליעדער פון די בעסטע אידישע דיכטער. קינדער, וועלכע האָבען מיט איינינע מאָנאַטען צוריק ניט געקאָנט עפענען אַ מויל צו זינגען, האָבען מיט באַגייסטערונג געזונגען די „מאַרסעליעזע", „לאָמיר אַלע אין איינעם" און אַנדערע שעהנע לידער.

די באַגייסטערונג פון די אַנוועזענדע האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם, וואָס מאַמעס, און פרעמדע פרויען זיינען געקומען בעטען אין זייער נאָמען אויסדריקען אַ הערצליכען דאַנק צום געזאַנג לעהרער אשר מאנוסעוויטש, און וואָס טאַטעס האָבען פאַרשפּראָכען געבען פיעל מען וועט דאַרפען פאַר די אויפהאַלטונג פון די ארבייטער רינג שולען.

עלטערען הויבען אָן באַגרייפען די גוטע ווירקונג פון אונזערע שולען אין זייער פאַמיליען לעבען. ענגליש שפּרעכענדע קינדער, וועלכע האָבען זיך געהאלטען קאַלט צו זייערע א י ד י ש שפּרעכענדע טאַטע־מאַמעס, געשעהמט זיך מיט'ן טאַטען געהן איבערן גאַס, ווען ער האָט געלעזען א אידישע צייטונג; האָבען פאַראַכטעט טאַטע־מאַמע פאַר זייער סאָציאַליסטישען אידעאַל; אָט די אַלע זיינען איצט גאַנץ אַנדערע קינדער געוואָרען. די אַטמאָספערע אין אונזערע שולען און דער גייסט פון אונזערע לעהרער, דרינגט אריין טיעף אין לעבען פון דעם קינד. ער מאַכט לייכטער זייער קוק אויפ'ן לעבען; ער עפענט דעם קינד'ס מח פאַר די טעגליכע געזעלשאַפטליכע פאַסירונגען.

די מיטגליעדערשאַפט־קאַמפּאַניע, וואָס די שולען האָבען געעפענט דעם ערשטען אויגוסט, און די סומען וואָס ברענטשעס און איינצעלנע ארבייטער רינג מיטגליעדער האָבען אויף זיך גענומען יעהרליך צו צאָהלען, ווייזען אויף דעם גרויסען ערפאָלג פון קאַמפּיין. מנאַכע ברענטשעס, באַשליעסען אויסער די יעהרליכע ביישטייערונגען, אויך צו געבען א געוויסע סומע פון זייערע אונטערנעהמונגען פאַר די אַרב. רינג שולען. אַזוי, למשל, האָט ברענטש 127 באַשלאָסען צו געבען אַ טייל פון זייער פּראָפיט פון פּיקניק אין אַטלאַס פּאַרק גראָוו. די ברענטשעס 176 און 541 האָבען באַשלאָסען דאָסזעלבע פון זייערע אונטערנעהמונגען אין דער צוקונפט, און עס איז קיין צווייפעל ניט, אַז ווען אלע ברענטשעס וועלען נאָכפאָלגען דעם ביישפּיעל פון די ברענטשעס 127, 176, 541, וועלען מיר גאָר אין גיכען קענען עפענען נאָך אַרבייטער רינג שולען.

די שולען זיינען: אין 1006 ס. אשלאנד בולוואַרד; 1224 ס. אלבאני עוועניו; אין 2642 לעמאין סטריט. מען לערענט איצט די פולע צייט, פון 2 ביז 5 נאכמיטאג, יעדען טאָג אין וואָך אויסער שבת און זונטאג. (עלטערען, וואָס ווינשען אַז זייערע קינדער זאָלען אנטייל נעהמען אין אונזערע קאָנצערטען אין דאָגלאס פּאַרק אוידיטאריום, וויקער פּארק האָל און וועסט סייד אוידיטאריום, אין מאָנאַט אָקטאָבער, זאָלען זייערע קינדער שוין פאַרשרייבען אין אונזערע שולען).

דער הויפּט אָפיס פון די אַרב. רינג שולען איז אין וואָרקערס אינסטיטוט, 1006 אשלאנד בולוואַרד. דער אָפיס איז אָפען טעגליך פון 9 אין דער פריה ביז 7 אין אוועגט. די נאָרד־וועסט־סייד שולע איז אָפען פון 12 ביז 6 נ. מ.; דאָגלאס פּארק שולע איז אָפען פון 1 ביז 6 נאכמיטאג.

ל. ריינגאלד, פּרעס קאָמיטע.

---

## יעהרליכער באַריכט פון דער ניו יאָרקער סיטי אָרג. קאָמיטע פון א. ר.

(אינסטאָלירט סעפּטעמבער דען 10טען, 1918.)

דער באַריכט פון דער ניו יאָרק אָרג. קאָמיטע איז אין גרונד גענומען כמעט דערזעלבער ווי אַלע יאָהר, ווייל די וואָס זיינען באקאנט מיט דער ארבייט ווייסען, אז די ארבייט באשטעהט הויפּטזעכליך פון באַזוכען די ברענטשעס, אויפּפּאַסען אויף זייערע פיהרונגען, אויסגלייכען סכסוכים, געבען אינפאָרמאַציע צו סאָסייעטיס א. אַז. וו. אַזעלכע זיינען אַלע מאָל געוועזען און וועלען אויך פאַרבלייבען די, פונקציאָנען פון דער קאָמיטע. עס פאַרשטעהט זיך אַז געוויסע ענדערונגען ווערען דאָך געמאַכט פון צייט צו צייט. נאָך אַ יאָהר אַרבייט זעהט מען זיך אַרום אַז געוויסע פעהלערען זיינען געמאַכט געוואָרען און די ערפאַהרונג צייגט שוין ווי אויסבעסערונגען דאַרפען געמאַכט ווערען. דאָס פאַרגאַנגענע יאָהר, אָבער, קען מען זאָגען, איז געוועזען אַן אויסנאַהמע יאָהר. די צייט צו אַרבייטען איז געווען זעהר קורץ און דעריבער זעהר אָנגעשטרענגט. ווען מען זאָל וועלען אויסרעכענען האָבען מיר געאַרבייט בלויז עטליכע מאָנאַטען.

ווי אין אַלע יאָהרען האָט זיך די קאָמיטע אינסטאלירט אין סעפּטעמבער, אָבער די הויפּט אַרבייט ווערט געטאָן אין די מאָנאַטען פון אָקטאָבער ביז מאַי. אין די הייסע זומער מאָנאַטען קאָן די ארבייט נישט אָנגעהן ווי אין ווינטער, ווייל דורך די הייסע וועטערען ווערען די מיטינגען שלעכט באַזוכט און מאַנכע ברענטשעס האָבען זעהר ווייניג מיטינגען. דאָס יאָהר אָבער, ווי נאָר מיר זיינען אינסטאָלירט געוואָרען האָט באַלד אויסגעבראָכען די עפּידעמיע און די גאַנצע אַרבייט איז אָפּגעשטעלט געוואָרען כמעט פאַר 3 מאָנאַטען צייט. עס איז געבליבען בלויז 4 מאָנאַטען צו טאָן די גרויסע ארבייט. מיר קענען אָבער באַהויפּטען, אַז מיר האָבען געטאָן אונזער בעסט, אנגעשטרענגט אַלע אונזערע קרעפטען און נישט ריקשטענדיג פאַרבליבען, אין פאַרגלייך מיט די פריהערדיגע קאָמיטעס. אַלץ איז געטאָן געוואָרען מיט דער גרעסטער פּינקטליכקייט און די קאָמיטע האָט זיכער פאַרדינט דעם רעספּעקט און צוטרויען וואָס די ברענטשעס פון גרייטער ניו יאָרק האָבען איהר ביי יעדער געלעגענהייט ארויסגעצייגט.

### דער צושטאַנד פון די ברענטשעס:

וועגען דעם צושטאַנד פון די ברענטשעס, לויט אונזערע רעקאָרדס, זעהט מען, אַז מאַנכע ברענטשעס זיינען געווען אין נישט קיין באַזונדערן גוטען צושטאַנד: איינינע האָבען געליטען פון שלעכטע סעקרעטערע און איינינע פון זעהר קליינע פאָנדס, אָדער האָבען נישט געהאַט אַזעלכע מעמבערס, וואָס זאָלען זיין באקאנט און וויסען ווי צו פיהרען א ברענטש. אין איינינע ברענטשעס זיינען פאַרגעקומען פאַרשיעדענע מיספאַרשטענדניסע צווישען די מעמבערס. מיר, פון אונזער זייט, האָבען געפּרובט אַלץ אויסצוגלייכען. מיר האָבען געקראָגען סעקרעטערע פאַר איינינע ברענטשעס און אַנדערע האָבען מיר געראַטען ווי אַזוי צו פאַרגרעסערען זייערע פאָנדס. ווען מיר האָבען געזעהן, אַז עס איז נישט מעגליך פאַר זיי אליין צו עקזיסטירען האָבען מיר זיי פאַראייניגט מיט איין אַנדערען ברענטש. נאַטירליך, איז נאָך יעצט אויך דאָ א קליינע צאָהל ברענטשעס, וואָס מ'דאַרף זיי העלפען אָדער פאַראייניגען מיט נאָך אַ ברענטש.

### נייע ברענטשעס אינסטאָלירט:

אין פאַרלויף פון דעם יאָהר האָבען מיר אינסטאַלירט 10 נייע ברענטשעס פון די 28 סאָסייעטיס וואָס מיר האָבען געגעבען אינפאָרמאַציע. די איבעריגע זיינען, נאָך אונזער מיינונג, נישט פּאַסענד פאַר דעם א. ר. איינינע האָבען אָפּגעלעגט אויף אַן אונבאַשטימטער צייט צו ווערען אינסטאַלירט און מאַנכע האַלטען מיר אין גרינדען און וועלען אין קורצען ווערען ברענטשעס. מיר האָבען אויך אָטענדעט די דאָקטאָר אונטערזוכונגען פון די וואָס זיינען געוואָרען ברענטשעס.

פאָלגענדע ברענטשעס זיינען אינסטאָלירט געוואָרען:

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| דיאַמאנד וואָירקערס — — | אַלס ברענטש | 461 | אָקטאָבער | 10, | 1918 |
| קאלובליטער — — — — | " " | 511 | יאַנואַר | 5, | 1919 |
| גראדאנער — — — — | " " | 454 | יאַנואַר | 3, | 1919 |
| טלומאַטשער — — — — | " " | 616 | מאַרטש | 8, | " |
| ליבקנעכט און לוקסעמבורג | " " | 620 | " | 6, | " |
| אַמאַלגאַמייטעד, לאָקאַל 43 | " " | 618 | " | 14 | " |
| אַסטאָריא — — — — | " " | 574 | אַפּריל | 27 | " |
| ווישקאָווער — — — — | " " | 229 | מאַי | 31 | " |
| באריסאָווער — — — — | " " | 334 | יוני | 14 | " |
| באריסאָווער — — — — | " " | 234 | יוני | 14 | " |

### ברענטש מיטינגען באזוכט.

מיר האָבען באזוכט די ברענטשעס, ווען עס איז נאָר נויטיג געוועזען. פיעלע ברענטשעס האָבען מיר באזוכט מעהרערע מאָל ווי פאָלגט: בר. 68, 1 מאָל; בר. 72, 2 מאָל; בר. 37, 3 מאָל; בר. 29, 4 מאָל; בר. 15, 5 מאָל; בר. 6, 6 מאָל; בר. 8, 7 מאָל; בר. 4, 8 מאָל; בר. 2, 10 מאָל. צו 1 מאָל זיינען באזוכט געוואָרען די ברענטשעס 2, 3, 4, 5, 6, 7, 8 און 10. צוזאמען האָבען מיר באזוכט 683 מיטינגען.

### נייע מעמבערס אריינגענומען.

אין די 3 קווארטאלען 73, 74 און 75 האָבען די ברענטשעס פון גרייטער ניו יארק אריינגענומען 4,994 מעמבערס. דאפון זיינען געשטראכען געוואָרען 1315. בלייבט נעט 3679 מעמבערס. ווען מען זאָל צורעכענען דאָס 4טע קווארטאל וועט נישט זיין איבערטריבען צו זאגען, אז גרייטער ניו יארק האָט אריינגענומען דעם לעצטען יאהר ארום 5,000 נייע מעמבערס.

### אויסגאַבען.

די אויסגאבען זיינען פיעל קלענער דאָס יאהר ווי אין די פאַרגאנגענע יאהרען: אין גאנצען 475.82 דאל. עס האָט געקאָסט דעם א. ר. דאָס יאהר אין גרייטער ניו יארק ביי 9½ סענט אריינצונעמען איין נייעם מעמבער. מיר דענקען אז עס קומט דערפון, וואס די צייט איז געוועזען זעהר א קורצע צו ארבייטען. מען קאן דאפון ארויסנעהמען אז דיזע קאָמיטע האָט זיך אָנגעשטרענגט איבער איהר כחות און אין מאנכע אווענדען אטענדעד צו 3־4 מיטינגען. די אויסגאבען זיינען געמאכט געווארען פון דעם נאצ. ארג פאָנד.

### וואקאנסען.

אויך דאָס יאהר האָבען זיך די קאָמיטע לויט זעהר אָפט געביטען. איינינע האָבען רעזיגנירט, ווייל זייער באשעפטיגונג האט

זיי נישט ערלויבט, מאַנכע האָבען מיר אויסגעשלאָסען פאַר נישט אטענדען די מיטינגען. אייניגע זיינען ערוועהלט געוואָרען אין דער נאצ. עקז. און האָבען נישט געקאָנט מיט אונז פאַרבלייבען. מיר האָבען געמוזט אויספילען זייערע פּלעצער מיט נייע מעמבערס. עס איז אויסגעקומען, אז אין דורכשניט האָבען מיר נישט געהאַט מעהר ווי 15 מעמבערס צו דער ארבייט.

### געזעלשאַפטליכע ארבייט.

גלייך ביי אונזער אינסטאַלײשאַן האָבען מיר באשלאָסען, אז מיר מוזען נישט נאָר באזוכען די ברענטשעס נאָר מיר מוזען אויך העלפען דער נאצ. עקז. אין אלע איהרע געזעלשאפטליכע אונטערנעמונגען. אויף דעם רוף פון דער נאצ. עקז. פאר 10 טויזענד דאלאר פאר דעם מיליאָן דאלאר פאָנד, פאר דער סאציאליסטישער פארטיי, האָבען מיר געהאָלפען אגיטירען אין די ברענטשעס און זיי האָבען זיך גאנץ ווארים אבגערופען. עס איז ארייגעקומען א גאנץ שעהנע סומע און ווען נישט די עפּידעמיע, וואס האָט גראדע צו יענער צייט אויסגעבראכען וואלט די סומע געוועזען באדייטענד גרעסער. דעם רוף פאר די 25 טויזענד דאלאר פאר די מלחמה קרבנות האָבען מיר אויך אויפגענומען. מיר האָבען באזוכט כמעט אלע ברענטשעס און די געווינשטע סומע, אויב נישט מעהר, איז געשאפען געווארען. א קאָמיטע פון דער ארב. רינג קאָאָפּעראטיווע האָט פון אונז פארלאנגט אז מיר זאלען זיי העלפען אין די ברענטשעס אז זיי זאלען זיך אנשליסען אָן דער קאָאָפּעראטיווע. מיר האָבען געטאָן אלץ, וואס מיר האָבען געקאָנט און ביז צו דעם יעצטיגען מאָמענט, ווען מיר קומען אין די ברענטשעס וועקען מיר זיי זיך אנצושליסען אָן דער קאָאָפּעראטיווע.

### ארבייטער רינג היים.

מיר האָבען די פראגע וועגען אן א. ר. היים נאָך אמאָל אויפגענומען. מיר האָבען גערופען א קאָנפערענץ פון די ניו יארקער ברענטשעס, וועלכע האָט ערוועהלט א 25־ער קאָמיטע און אויב די קאָמיטע וועט נאָר טאָן די ארבייט ווי עס פאדערט זיך וועט אין אביסעל צייט ארום אזא היים געשאפען ווערען.

מיר באנוצען זיך דערמיט צו באדאנקען דער נאצ. עקז. און אויך דער נאצ. ארג. קאָמיטע פאר העלפען אונז גערן אין אלע אונטערנעמונגען, ספּעציעל אין העלפען אָנפיהרען דעם קאמפּיין און פארגרעסערען אונזער מעמבערשיפּ אין גרייטער ניו יארק מיט גאנצע 5000 נייע מעמבערס אין די לעצטע 3 קוואָרטאלען.

פאר דער קאָמיטע פון נעקסטען יאהר שטעהט פאר א גרויסע ארבייט. עס מוז געשאפען ווערען 20 טויזענד נייע מעמבערס צו דער 20 יעהרליכער קאָנווענשאָן און 50 טויזענד דאלאר פאר אונזערע פאראומגליקליכטע שוועסטער און ברידער אויף יענער זייט ים און מיר האָפען דאָס די בעסטע עקזעקוטיווע מעמבערס, וועלכע האָבען אָנגענומען אין דער נייער קאָמיטע וועלען ארבייטען צוזאמען מיט דער נאצ. עקז. צו מאכען דעם ארב. רינג שעהנער און גרעסער, אז דער ארב. רינג זאל זיין דער שטאָלץ פון די אידישע ארבייטער.

נ. י. סיטי ארג. קאָמ., א. י., א. לאַנגער, סעק.

---

## באריכט פון דער סיטי עדיוקיישאָנאל קאָמיטע פון גרייטער ניו יאָרק

די סיטי עדיוקיישאנאל קאָמיטע איז ערוועהלט געווארען ענדע אויגוסט 1918, און האָט זיך אָרגאַניזירט דעם 10טען סעפּטעמבער. דאָס איז געווען אַ נייע אינסטיטוציע אינ'ם ארבייטער רינג און האָט נאָך ניט געהאט קיין ערפאַרונג. זי האָט צוערשט געדארפט טאַפּען אין דער פינסטערניש, אויסטרעטען פאר זיך נייע וועגען.

זי האָט זיך צוערשט געוואָלט שטעלען אין נעהנטערער פאַרבינדונג מיט די ברענטשעס און האָט זיי צוליב דעם געבעטען אויסצוקלייבען אין יעדען ברענטש א ספּעציעלען בילדונגס־קאָמיטעט פון דריי אָדער צוויי מיטגלידער, וואָס זאָלען שטעהן אין אן ענגערער פאַרבינדונג מיט דער סיטי־קאָמיטע. דאָס האָט זיך אָבער ניט איינגעגעבען. און די קאָמיטע האָט געמוזט פיהרען איהר ארבייט ווייטער אָהן דעם ספּעציעלען גרויסען בילדונג אפּאראט, וואָס זי האָט גערעכנט צו שאַפען, זי האָט אָבער ביז איצט ניט אויפגעגעבען דעם געדאנק צו שאפען מיט דער צייט אזא אַפּאַראַט, וואס זאל די גאנצע בילדונגס־אַרבייט אין ארבייטער־רינג מאכען פאַר אַן אַרבייט פון אַלע ברענטשעס און ניט בלויז פון איין קאָמיטע.

די נאַציאָנאַלע עדיוקיישאָנאל קאָמיטע האָט צוערשט ניט געהאט באַשטימט קיין ביודזשעט פאַר דער סיטי־קאָמיטע. די לעצטע האָט ניט געוואוסט, וואס פארע רעסורסען עס זיינען פאַראַן אין איהר רשות, און אויף ווי גרויס עס קאָנען זיין די ארבייטען, וואָס זי וויל אונטערנעמען. אויסער דעם איז די נאַציאָנאַלע עדיוקיישאָנאל קאָמיטע אַריינגעטראָטען אין דעם פאַראייניגטען אַרבייטער בילדונגס־קאָמיטעט און האָט אַסיגנירט אויף דעם 500 דאָלאַר (דאָס געלט האָט זי פאַררעכענט אויפ'ן חשבון פון דער בילדונגס־אַרבייט אין ניו־יאָרק; אזוי אז זי האָט דאָס אַראָפּגערעכנט שפּעטער פון דעם ביודזשעט פון דער סיטי עדיוקיישאָנאל קאָמיטע). דער דערמאָנטער קאָמיטעט האָט געזאָלט טאָן פאַרשיידענע בילדונגס־אַרבייט פאַר דער ניו־יאָרקער אַרבייטערשאפט בכלל, דער אַרבייטער־רינג מיטגליעדערשאפט אריינגערעכנט, די סיטי קאָמיטע האָט ניט געדאַרפט שטערען דעם קאָמיטעט אין זיין אַרבייט. זי האָט דעריבער צוערשט ניט קלאָר געוואוסט, וואָס זי מעג טאָן און וואָס זי טאָר ניט. למשל:

זי האָט גערעכנט מאַכען אַ רייהע גרעסערע קאָנצערטען אין פאַרשיידענע טיילען פון שטאָט. האָט אָבער דער קאָמיטעט אין זיין פּראָגראם אויך געהאט אזעלכע אונטערנעמונגען און די סיטי־קאָמיטע האָט זיך געדארפט אָפּהאַלטען פון אינטערצונעמען אַזעלכע קאָנצערטען. ערשט מיט דער צייט, ווען עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז פון דער אַרבייט פון דעם פאַראייניגטען קאָמיטעט האָבען די אַרבייטער רינג מיטגליעדער קיין שום נוצען ניט, האָט די סיטי־קאָמיטע אַליין איינגעאָרדענט אַזעלכע קאָנצערטען: צו איינעם אין בראָנזוויל, אין בראָנקס און דאון טאַון. דער ערשטער קאָנצערט איז געווען אַ גוואַלדיגער ערפאָלג: דער לייבאָר לייסעאום פון בראָנזוויל איז געווען איבערגעפאקט און דער עולם האָט זעהר גוט פאַרבראכט. די אַנדערע צוויי קאָנצערטען האָבען זיך אויך איינגעגעבען, הגם ניט מיט אַזאַ גרויסען ערפאָלג.

די סיטי עדיוקיישאָנאל קאָמיטע האָט זיך געשטעלט אלס איינע פון איהרע אויפגאבען צו מאַכען די מיטינגען פון די ברענטשעס מעהר אינטערעסאנט. צוליב דעם האָט זי זיך געשטעלט אין א נאָהענטער פאַרבינדונג מיט די אַלע קינסטלערישע קרעפטען פונ'ם ארבייטער רינג. מיט די צוויי אָרקעסטערען, מיט'ן כאָר און מיט דער פרייער אידישער פאָלקס־בינע; זי האָט איינגעלאַדען אלס איהרע שטענדיגע מיטארבייטער, פאַרטרעטער פון די אַלע אינסטיטוציעס. יעדער ברענטש, וואָס האָט געוואָלט מאַכען ביי זיך אַ וועלכען עס איז קאָנצערט אָדער פאַרוויילונג, האָט זיך נאָר געדאַרפט ווענדען צו דער סיטי קאָמיטע. און די לעצטע האָט שוין געזעהן, אז די ברענטשעס זאָלען די קרעפטען באַקומען. אַ רייהע ברענטשעס האָט די קאָמיטע אַרויסגעהאָלפען אַפילו מיט געלט. די גרעסטע צאָל פון אַזעלכע קלענערע אונטערנעמונגען אין די ברענטשעס זיינען געווען אַ גרויסער ערפאָלג. אינגאנצען האָבען זיך אַ הונדערט ברענטשעס באַנוצט מיט דער הילף פון דער סיטי עדיוקיישאָנאל קאָמיטע ביים איינאָרדנען ביי זיך אונטערנעמונגען.

די סיטי עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט דאָס יאָהר איבערגענומען אויף זיך די אַרבייט פון דער נאַציאָנאַלער קאָמיטע און אין דריי טיילען פון שטאָט: אין האַרלעם, בראָנזוויל און וויליאמסבורג, דורכגעפיהרט ספּעציעלע ערשטען מאַי אונטערנעמונגען. די אונטערנעמונגען זיינען דורכגעגאנגען מיט אַ באַדייטענדען ערפאָלג. זי האָט אויך איינגעאָרדענט אַ גאַנצע רייהע באַזוכען אין קונסט־מוזעאום אויף 82טער סטריט און אין ברוקלינער קונסט־מוזעאום. דער אָנפיהרער פון די באַזוכען איז געווען ה. ראַסקין. די באַזוכען זיינען אויך געווען זעהר ערפאָלגרייך. יעדעס מאָל זיינען אויף אַ באַזוך געקומען ביז 50 און העכער מיטגלידער פון ארבייטער־רינג.

די סיטי קאָמיטע האָט אויך פיעל געהאָלפען די ארבייטער רינג שולען. די בראָנזווילער שול איז אין אַ גרויסער מאָס מיט איהר גאַנצער עקזיסטענץ שולדיג דער ס. ע. ק. די לעצטע האָט זעהר אָפט געשיקט איהרע פאַרטרעטער אין דער פאַרוואַלטונג פון דער שול; האָט געהאָלפען צונויפרופען אַ קאָנפערענץ פון די בראָנזווילער ברענטשעס, וואו עס איז ערוועהלט געוואָרען א גרויסער טייל פון דער פאַרוואַלטונג; זי האָט עטליכע מאָל געשטיצט די שול אויך מיט געלט־מיטעל. אויך די אנדערע צוויי שולען האָט די סיטי קאָמיטע ארויסגעהאָלפען אין זייער ארבייט. זי האָט גענומען אויף זיך די איניציאַטיווע צו עפענען שולען אויך אין בראָנקס און דאון־טאון, און האָט צוליב דעם צוועק ערוועהלט די נויטיגע קאָמיסיעס צו זוכען א פּאַסיגען פּלאַץ. אָבער ביז איצט זיינען, צום באַדויערען, אלע אַנשטרענגונגען צו געפינען דירות פאר שולען געווען אומזיסט. די סיטי קאָמיטע גלויבט דאָך, אַז איהר וועט זיך ענדליך איינגעבען אין גיכען צו געפינען די נויטיגע צימערען פאַר דעם צוועק, און דעם נעקסטען סעזאָן וועלען דאון־טאון און בראָנקס מסתמא שוין האָבען ארבייטער־רינג שולען. ד. ע. ק. שיקט איהרען אַ פאַרטרעטער אַלע מאָל אין דער פאַראייניגטער שול־קאָמיסיע פון די ניו־יאָרק ארב.־רינג שולען.

די ס. ע. ק. האָט לעצטענס באשלאָסען צו פאַרוואַנדלען יעדע ארבייטער רינג שול אין אַ קולטורעלען צענטער, וואו די ארבייטער־רינג מיטגלידער פונ'ם באַטרעפענדען טייל שטאָדט זאָלען קאָנען קומען אין אַ פרייער שטונדע און הערען א לעקציע און לעזען א בוך, בכלל כאַפּען א גוט וואָרט. ס'איז אבער געווען צו שפּעט אָנצוהייבען די ארבייט, ווייל עס איז אָנגעקומען דער זומער, און עס איז דעריבער באַשלאָסען געוואָרען אָפּצולייגען די איינפיהרונג פון די קולטורעלע צענטרען ביז הערבסט.

די סיטי קאָמיטע האָט פיעל אַרויסגעהאָלפען די מוזיקאַלע ברענטשעס פונ'ם ארבייטער רינג. זי האָט באַזונדערס געהאָלפען דער מוזיק־שול פון ברענטש 615. זי האָט גענוי אויסגעפאָרשט די לאַגע פון דער שול און האָט דערנאָך רעקאָמענדירט דער נאַציאָנאַלער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע אַריינצונעמען די מוזיק־שול אין דער נעץ פון די ארבייטער־רינג שולען און העלפען איהר צוגלייך מיט די אַנדערע. די נאַציאָנאַלע עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט די רעקאָמענדאַציע אָנגענומען און אַרויסגעהאָלפען דער שול, און דערמיט האָט די מוזיק־שול באַקומען די מעגליכקייט צו עקזיסטירען אויך אויף ווייטער און צו אַנטוויקלען זיך.

די ס. ע. ק. איז מיט איהר גאַנצען האַרצען פאַר די אידישע שולען. זי האָט אבער געזעהן אז די קליינע מיטלען, וואס דער ארבייטער רינג פאַרמאָגט פאַר דעם צוועק, זיינען ווייט ניט גענוג אויף אָנצופיהרען די שולען־ארבייט ווי געהעריג. זי האָט דעריבער אויף דער האלב־יעהרליכער קאָנפערענץ, וואָס זי האָט פאַררופען אויף אַפּ־

צוגעבען א באריכט פון איהר ארבייט, שטארק אגיטירט פאר חעכערען דעם שולען־טעקס און עס איז דארט אנגענומען געווארען אן אנטשפרעכענדע רעזאלוציע פאר דער קאנווענשאן. און ווען די קאנווענשאן האט אנגענומען דעם באשלוס, צו העכערען דעם טעקס, האט די ס. ע. ק. נאכדעם מיט איהר ארבייט אין די בראנטשעס פיעל מיטגעהאלפען, אז עס זאל דורכגעהן דער רעפערענדום צום גונסטען פון דעם העכערען פינף־סענטיגען טעקס.

באלד ווי די סיטי עדיוקיישאנאל קאמיטע האט זיך קאנסטיטואירט, האט זי באשלאסען אנהייבען צו ארבייטען פאר דער גרינדונג פון אן ארבייטער־רינג־היים אין ניו־יארק, וואו עס זאל זיך קאנען קאנצענטרירען די בילדונגס־ארבייט פונ'ם ארדען. ווילענדיג אויסנוצען אלע ארבייטער רינג קרעפטען פאר דער גרויסער און שווערער זאך, האט זיך די ס. ע. ק. געווענדעט צו דער ארגאניזאציאנס־קאמיטע מיט א פארשלאג געמיינזאם צו ארבייטען פאר דער גרינדונג פון דער היים. די ארגאניזאציאנס קאמיטע אבער האט ערקלערט, אז אט די ארבייט געהערט בלויז איהר אליין. די סיטי־עדיוקיישאנאל קאמיטע האט נים געוואלט שטערען דער צווייטער קאמיטע אין איהר ארבייט, און האט זיך אנטזאגט פון איהר איניציאטיוו אין דער הינזיכט. צום באדויערען אבער זעהט מען נאך ביז איצט נים קיינע רעזולטאטען פון דער ארבייט פון דער ארגאניזאציאנס קאמיטע פאר אזא היים; און די עדיוקיישאנאל קאמיטע וואלט אויף ווייטער אויך צופרידען געווען צו ארבייטען געמיינשאפטליך פאר דעם צוועק, כדי צו מאכען די ארבייט פאר אן ערפאלג.

די סיטי עדיוקיישאנאל קאמיטע ווייס אליין, אז זי האט דאס יאהר געארבייט נים אידעאל גוט, אז עס זיינען געווען פעהלערען אין איהר ארבייט. אבער ווען מען נעמט אין אנבאטראכט, אז דאס איז א יונגע אינסטיטוציע, אהן פריהערדיגען ערפארען, און אז זי האט איינגאנצען געהאט פאר אלע איהרע ארבייטען נים מעהר ווי 700 דאלאר פאר'ן יאהר, מוז יעדער איינער, וואס באטראכט די ארבייט פון דער סיטי עדיוקיישאנאל קאמיטע אהן פאראורטיילען, צוגעבען, אז זי האט פיעל אויפגעטאן, און גוטע ארבייט געטאן.

די ווייטערדיגע ארבייט פאר'ן יאהר 1919-20 וועט זיך געפינען אין די הענט פון דער נייער קאמיטע, אבער די איצטיגע סיטי־עדיוקיישאנאל קאמיטע האט געפונען פאר נויטיג אויסצוארבייטען א גענויעם פלאן פון ארבייט פאר דעם נעכסטען יאהר, צוזאמען מיט א פלאן פון א ביודזשעט פאר איהר ארבייט. דער פלאן איז צוגעשטעלט געווארען צו דער נאציאנאלער עדיוקיישאנאל קאמיטע און יענע האט איהם מיט איניגע אויסבעסערונגען אנגענומען.

דער פלאן פון דער ארבייט באשטעהט אין פאלגענדען:

1) גרינדען אין יעדער ארבייטער־רינג שול א קולטורעלען און סאציאלען צענטער פאר די מיטגלידער פון ארבייטער־רינג. אינ'ם צענטער וועלען איינגעארדענט ווערען אפטע לעקציעס, קאנצערטען, פארשטעלונגען, אויב מעגליך גוטע באוועגליכע בילדער (מוּאוּוינג פיקטשורס) און א לעז־צימער מיט ביכער און זשורנאלען. האבענדיג אזא קולטור־פלאץ אין שכנות, וועלען א סך ארבייטער, האפט די ס. ע. ק., זיך באנוצען דערמיט און קומען צו די אונטערנעמונגען, וועלכע וועלען זיין אדער פרייע אדער פאר א קליינעם אפצאל און העלפען מאכען אין יעדען פלאץ דעם צענטער פאר אן ערפאלג.

2) אין די האלען, וואו עס קומען פאר מיטינגען פון א סך בראנטשעס, איינארדנען אלע זעקס וואכען געמיינשאפטליכע קאנצערטען מיט לעקציעס פאר די אלע בראנטשעס וואס האבען זייערע פארזאמלונגען אין דעם באטרעפענדען האל.

3) רעקאמענדירען די בראנטשעס פאסענדע לעקטארס און העלפען קלענערע בראנטשעס דורכצופיהרען ביי זיי לעקציעס פאר זייערע מיטגליעדער.

4) איינארדנען א רעדנער קלאס, כדי צוצוגרייטען אינטעליגענטע טוער פאר'ן ארבייטער רינג און פאר דער ארבייטער־באוועגונג בכלל.

5) איינארדנען ווייטער באזוכען אין פארשיידענע מוזעאומס.

6) איינארדנען, אויך דאס יאהר, א רייהע גרעסערע קאנצערטען און אויך ספעציעלע 1טען מאי אונטערנעמונגען.

7) ווייטער העלפען די איינצעלנע בראנטשעס צו אראנזשירען ביי זיך פארשיידענע מוזיקאלישע אונטערנעמונגען און אנהאלטען צוליעב דעם אויף ווייטער די פארבינדונג מיט די ארקעסטרען, מיט'ן כאר און מיט דער פרייער אידישער פאלקס־ביהנע, אין דער זעלבער צייט אויך ארויסהעלפען די לעצטע אינסטיטוציעס אין זייער ארבייט.

8) העלפען די עקזיסטירענדע ארבייטער־רינג שולען און זעהן גרינדען נייע שולען אין אנדערע טיילען פון שטאט.

די נאציאנאלע עדיוקיישאנאל קאמיטע האט אסיגנירט דער ס. ע. ק. צוויי טויזענד דאלאר פאר'ן נעקסטען יאהר, כדי זי זאל קאנען אט די אלע ארבייטען דורכפיהרען. מיר גלויבען, אז די נייע קאמיטע וועט זיך באנוצען מיט'ן ערפארונג פון אונזער ארבייט פאר דעם פארגאנגענעם יאהר און וועט מיט ערפאלג דורכפיהרען די אלע אנגעצייכנעטע ארבייטען.

# פון מאנאט צו מאנאט

(פארטזעצונג פון זייט 5.)

פאלגען די ענטוויקלונג פון אט דעם עקספערימענט און גלויבען, אז די בראנטשעס וועלען געבען גענוג ערמוטיגונג דער יונגער אונטערנעמונג און די וועלכע זיינען נאך נישט ענטשלאסען זיך גלייך אנצושליסען אן דעם דעפארטמענט וועלען אמווייניגסטענס האלטען אן אויג אויף די ענטוויקלונגען, וואס אט דער נייער עקספערימענט וועט אדורכמאכען.

מיר ווינשען דעם נייעם דעפארטמענט און אלע אקטיווע טוער וואס זיינען מיט איהם פארבונדען, אז אלע זייערע ערווארטונגען זאלען מקוים ווערען.

* * *

ווי מיר האבען עס געקענט ערווארטען האט דער שול־פאנד געקראגען דעם מאקסימום אסעסמענט, וואס איז געגאנגען אויפ'ן באלאט און נישט דעם מינימום, ווי עס פאסירט געוועהנליך, ווען עס געהען אויפ'ן באלאט א גרעסערע און א קלענערע סומע. דאס איז נישט קיין צופאל. דאס חזר'ט זיך שוין איבער דעם צווייטען מאל. עס איז קלאר, אז די שול־פראגע איז געווארען צייטיג און די מיטגליעדער פון א. ר. זיינען גרייט איהר צו לעזען.

מיר פארשפארען צו ערקלעהרען, אז די עדיוקיישאנאל קאמיטע וועלכע פארוואלטעט מיט דעם פאנד וועט פון דעם נייעם יאהר אן, ווען זי וועט שוין האבען אויך א געוויסען קאנטינגענט פאסענדע לעהרער פון די א. ר. לעהרער־קורסען, קענען מעהר באפרידיגען די פאדערונגען וועגען נייע שולען ווי זי האט עס געקענט טאן ביז יעצט.

* * *

אין דעם נומער געפינט זיך א באריכט פון דעם לעצטען צוזאמענפאהר פון די נ. ב. ד. מיר ראטען אלע פריינד, וואס ווילען האבען אן איבערבליק איבער די נאציאנאלע ארבייטען פון א. ר. וואס ווערען אדורכגעפיהרט דורך די נאציאנאלע קאמיטעס און ווי די נאציאנאלע דירעקטארען פארהאנדלען זיי, אז זיי זאלען אויפמערקזאם איבערלעזען דעם רעפארט. פיילייכט וועלען פיעל פון אונז וועניגער נעשטרויכעלט ווערען אין ווארפען באשולדיגונגען גלאט אין דער וועלט אריין, נישט וויסענדיג וואס עס טוט זיך אין ארדען.

* * *

בר. 319 אין מיוואוד, איללינאיז, האט געפייערט לעצטען מאנאט זיין 10־יעהריגען זובילעאום. מיר קענען זיך נישט צוריקהאלטען פון ציהען די אויפמערקזאמקייט פון אונזערע מיטגליעדער אויף דעם פארהעלטניסמעסיג נישט גרויסען בר. מיט זיין וואונדערבארער ארבייט. דער בר. האט דעם גרעסטען איינפלוס אין שטעדטעל פון וועלכען עס איז ארדען, אדער קהילה און האט באוויזען דורך דער צייט פון זיין עקזיסטענץ אנצוהאלטען א שטענדיגע סאציאליסטישע אגיטאציע און אלגעמיינע אויפקלעהרונג צווישען די מיטגליעדער. לעצטענס האט דער בר. געגרינדעט א אידישע א. ר. שול און ארבייט יעצט מיט אונערמיעדליכער ענערגיע פאר אן אייגענעם ליובאר לייסעאום.

דער בראנטש האט אויך ארויסגעגעבען צו זיין יום טוב א שעהנעם סאוועניר־זאמעלבוך מיט א רייהע ארטיקלען, באגריסונגען און רעפארטען וועגען דער באמערקונגסווערטער טעטיגקייט פונ'ם בר.

## מעלדונג.

ביז אונזער לעצטען מיטינג האט בר. 425 באשלאסען צו מאכען די טרעזשורי פאר שטיצע פאר 6 מאנאטען צייט. אזוי ווי אויך איז באוואוסט, צאהלט דער בראנטש 2 דאלאר א וואך עקסטרא סיק בענעפיט. די עפידעמיע האט אלזא אונזער טרעזשורי אויסגעליידיגט, אז מיר זיינען גיט אימשטאנד צו געבען קיינע שטיצע.

מ. סאסניי, סעקרעטער.

# פון אונזער קאָרעספּאָנדענץ

## וועגען די פארשפּעטיגטע נאָטיצען

ווי עס זעהט אויס האָט די לעצטע קאָנווענשאָן פון א. ר. איבערגעלאזען זעהר ניט קיין אנגענעמען טעם ווען אונזער „אומפּאַרטייאישער" רעדאקטאר אליין, בכבודו ובעצמו, דארף זיך אָנגורטען זיינע לענדען מיט צוויי און א האלב מאָנאַט שפּעטער און טרייען מטהר זיין דעם שרץ. אין זיינע „פארשפּעטיגטע נאָטיצען" באמיהט זיך פריינד י. ב. בײלין אליין צו באווייזען ווי עדעל און נאָבעל און איבערהויפּט יושר'דיג אונזער לעצטע קאָנווענשאָן האָט געהאנדעלט. אונזער געאכטעטער פריינד דיינקט, אז מיט ניט צולאזען די ברוקלינער דעלעגאטען האָט די קאָנווענשאָן ענטמוטיגט ווייטערע פארזוכען צו ווידערשפּעניגען אונזערע געזעצגעבענדע הערשער. אבער איהר האָט א טעות, פריינד בײלין! יעדער איינער ווייס, אז ניט צולאזען די ברוקלינער ברענטשעס און ניט געבען זיי קיין באזונדערע טעריטאריע איז נאָר א פּאָליטישער שאַך־שפּיעל פון אונזער עקזעקוטיווע, אז חלילה אויפ'ן קאָנווענשאָן זאָל ניט ארייננפאלען איינער פון ניט־אייגענעם חדר. און מיט דער הילף פון דער שטארק־ארגאניזירטער מאשין פון דעם „אָלד גארד" קלאָב גיבען זיי אכטונג אויך אויף דער פּראָווינץ. אזוי זעהען מיר, אז אין פילאדעלפיא קענען די גרעסטע ברענטשעס, ווי בר. 240 305 און נאָך פיעלע אנדערע, בשום אופן ניט ערוועהלען זייערען א מיטגליעד אלס דעלעגאט פאר די לעצטע דריי יאהר צייט. יעדער עהרליכער מעמבער איז געווען שטאַרק ענטריסטעט דיזען יאהר, זעהענדיג ווי די ארגאניזירטע מאשין האָט דורכגעוואָרפען דורך אלערליי נידעריגע מיטלען פיעלע איבערגעגעבענע, עהרליכע אלטע א. ר. טוער, ווי דר. ברוידערמאן, רויזבארד און ביכאווסקי, און ערוועהלט אזוינע ווי ד. בראגינסקי, טאליסמאן, קליין, וועלכע זיינען קוים זעקס מאָנאַטען מעטיג אין א. ר. נו, פריינד בײלין! דיינקט איהר ניט אז עס איז זעהר טרויעריג אז אין א סאָציאליסטישע ארגאניזאציאן דארף אנגעווענדעט ווערען אזעלכע מיטלען און דארף עקזיסטירען אזא „אינסייד מאַשין"? אזעלכע האנדלונגען מצד פון אונזערע פיהרער ענטמוטיגט ניט, נאָר מונטערט אויף יעדען עהרליכען מיטגליעד צו מאכען ריין און פריי דעם א. ר.

גאנץ געלאסען געהט דורך פר. בײלין דעם סאניטאריום אינסידענט מיט די אלטע ארגומענטען: דיסציפּלין, נערוועזיטעט פון פּאציענטען א. א. וו. אבער לאָמיר זעהן וואס איז דאָ געשעהן: די גרויסע מאיאריטעט פון די פּאציענטען האָבען אָנגעקלאָגט די סאניטאריום קאָמיטע אין פארלעצען די פּרינציפּען פון א. ר. און באנוצענדיג זיך מיט שעריפס. וואס טוט אבער די קאָנווענשאָן? מען לעזט אפילו ניט איבער דעם לעטער אויף דער זיצונג. אפילו אין א קאפּיטאליסטישען קאָרט הערט מען אויס בײדע צדדים, ווען איינער קלאָגט איין דעם אנדערען. די העכסטע אינסטאנץ פון א. ר. האָט אָבער נאָר אויפגעהערט איין צד, דעם אָנגעקלאָגטען און האָט גאָר פאר'משפּט דעם אָנקלעגער! נו, ווי געפעלט אייך אזא מין גערעכטיגקייט? דארום האָט אונזער ברענטש 305 פאררופען אזא קאָנפערענץ, וואו עס זאָל געגעבען ווערען א „פעיר טרייעל" די פּאציענטען. און זאָל אייך ניט וואונדערען וואס די סאניטאריום קאָמיטע געהט צום קאָנפערענץ, ווייל זי פארשטעהט און פיהלט אז דער משפּט פון קאָנווענשאָן איז נאָר געווען א „קניפּ אין בעקעל" פון די „אייגענע באָיעס."

איך וואלט זיך אפּגעשטעלט אביסעל יעצט אויף דעם, אויב אונזערע פּאציענטען זיינען ווירקליך אזעלכע געפעהרליכע מענשען וואס מען דארף געברויכען אנטקעגען זיי שעריפס, אָבער איך האָב מורא אז איהר וועט מיר ווייטער זאגען אז עס פארנעמט צופיעל פּלאץ, און פיליוכט איז מיין שרייבען אין גאנצען געווען אומזיסט, ווייל אזא מזל האָב איך שוין, אז מען ענטפערט מיר מיט א גאנצע פּיידזש זידלעריי און מיינס „פארנעמט צופיעל פּלאץ". אבער טרייען מעג מען דאָך.

ב. זעווין, בר. 305 א. ר.

פון דער רעדאקציע:

די נייעס, וועלכע פר. זעווין וועט געפינען אין איינעם פון אונזערע עדיטאָריעלע נאָטיצען און אין די פּראָטאָקאָלען פון דער נאצ. עקזעקוטיווע וועגען דער „ברוקלינער טעריטאָריע" וועט געוויס נישט באשטעטיגען די השערות, וועלכע זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרען אין דעם אויבענדערמאָנטען בריף וועגען דער ארגאניזירטער מאשין פון דעם „אָלד גארד קלאָב." לײדער האָבען מיר נישט געהאט קיין געלעגענהייט צו באקענען זיך נעהענטער מיט די פריינד טאָליסמאן און קליין. וואס אנבאלאנגט אבער פר. בראגינסקי, קענען מיר מיט זיכערהייט באהויפּטען, אז אויב איהר, פר. זעווין, וועט זיך גוט באקענען מיט זיין פארגאנגענער רעוואלוציאנערער און סאָציאליסטישער ארבייט וועט איהר זיך אליין שעמען פאר וואס איהר האָט איהם גע־

פּרובט מאכען צו קלינגעלד. אָבער מיר ווילען זיך נישט אריינמישען אין אייערע פילאדעלפיער אנגעלעגענהייטען, ווייל מיר זיינען מיט זיי לײדער ניט באקאנט.

וואס אונז וואונדערט אבער זעהר שטארק איז די עקשנות'דיגע ווידערהאָלטע באהויפּטונג, אז די סאניטאריום קאָמיטע האָט גערופען שעריפס אין סאניטאריום. איז עס ווירקליך א מצוה פון הר סיני, אז מיר זאָלען זיין אזוי אונבארמהערציג־פארלוימדעריש און פארגאָפּט־תם'עוואטע איבערצו'חזר'ן אימיצענס א באוואוסטזיניגען בלבול, אדער אונבאוואוסטזיניגע דומהייט? ווי קומט עס צו פר. זעווין איבערצו'חזר'ן אזא זאך אָהן קיינע אפשר'ס און טאָמער'ס, גלייך ווי ער וואלט אליין דערביי געווען און געזעהן, ווי די סאניטאריום קאָמיטע האָט געשיקט נאָך זיי, בפרט נאָך, אז פר. זעווין האָט געקענט צואווארטען ביז דער קאָנפערענץ?!

---

דיזע קורצע קאָרעספּאָנדענט איז צו דער געלעגענהייט, פון א שמחה'לע, וואָס מיר האָבען געמאַכט דעם 23טען מערץ, לכבוד אונזער 11יעהריגען עקזיסטענץ, און אזוי ווי מיר האָבען קיין עין הרע, אַ גאַנץ גרויסע משפּחה אין אונזער מדינה, ווילט זיך אונז אַז אַלע זאָלען וויסען און הערען פון אונז, אָט פונקט ווי מיר לאָזען זיך הערען ווען מיר הערען יענעם קרעכצען, און פאַר וואָס זאָלען מיר זיך ניט פרעהען? זייט 11 יאָהר דאָס אַלע צוזאַמען אַרבייטען מיר פאַר דעם וואָהל און בעסטען פון א. ר. ניט פאַרלעצענדיג זייערע פּרינציפּען אויף אַ האָר, מיט שטאָלץ האָבען מיר געפייערט אונזער יום־טוב וויסענדיג דאָס פאַר דער גאַנצער צייט האָבען מיר געאַרבייט פאַר דער זאַך, וואָס מיר האָבען זיך פאַרפליכטעט ארייננקומענדיג אין א. ר. קיינעם ניט מיט לעדיגען אָוועקגעשיקט, ווען מ'האָט זיך צו אונז געווענדעט, שוין ניט רעדענדיג פון די מלחמה קרבנות וואָס איז שוין ביי אונז געווען אַ גאַנץ פאַרשטענדליכע זאַך, דעם פאַרגאַנגענעם יאָהר האָבען מיר געשלאָסען מיט 35 נייע מעמבערס און ארבייטען מיט דער האָפנונג דאָס דיזען יאָהר וועלען מיר 2 מאָל אַזוי פיעל נייע מעמבערס ערווערבען, מיר האָבען אַ גוטען אַנפאַנג פאַר דיזען יאָהר. מיר האָבען זיך אויך פאַרפליכטעט צו העלפען בויען דעם אַרבייטער לייסעאום, וועלכער איז שוין ניט קיין חלום נאָר אַ זיכערע האָפנונג.

מיט דער האָפנונג אויף ווייטער צו אַרבייטען פאַר דעם וואָהל און בעסטען פאַר דעם אַרבייטער רינג.

מיט פריינדליכען גרוס,

די פרעס קאָמיטע, דזש. דראָזנער, סעק.

---

## בריעפקאסטען.

וויליאם, ניו יארק: לײדער אלץ נישט געלונגען, אדער ריכטיגער, דאָס לעצטע „דער שרעקליכער ווינטער" איז פיעל שוואַכער, ווי די פריהערדיגע, וואָס איהר האָט צוגעשיקט.

אייק לעווין, ברוקלין: נישט אַלעמאָל קען מען זיך פאַרלאָזען אויף אַזעלכע סאָרט עדות. ספּעציעל אין אַ פאַל, וואו עס זיינען דאָ צוויי צדדים.

מ. גאָרבער, ניו יאָרק: אייער ליעד „ער קומט אַהיים" וועט נישט געדרוקט ווערען. אייער געפיהל איז גאַנץ אויפריכטיג, אבער עס האָט נישט די קראַפט א צווייטען הינצורייסען.

וו. איפּסעל, פילאדעלפיא: דערווייל קומט נאָך עס ביי אייך אַרויס שוואכליך און אומגעניט. איהר האָט אָבער, דוכט זיך, אַ פּאָעטישען פונק און עס לוינט זיך צו לערנען, צו ארבייטען און צו פאַרזוכען.

ב. אגראנאָוויטש, בר. 467: איהר האָט נאָך גאָרנישט ענטדעקט. קומט אַמאָל אַרויף אין אָפיס וועט איהר קריגען אַ באַגריף, אַז די אַדרעסען מאַכען ניט קיין כשוף־מאַכער, נאָר מענשען, און נאַטירליך קענען זיי קיין צעהנדליגע טויזענדע קאָרעקשאָנס אין איין טאָג נישט מאַכען. עס מוז עטוואָס געדויערען.

סעם ספּרינג, בר. 148: אין נעקסטען נומער.

וואָלף אייזנער, בר. 139: לײדער איז אייער אויפרוף געווענדעט נאָר צו אייער ברענטש און איז זעהר לאַנג. וואָלט איהר בעסער אַזוי גוט זיין און אָפּהעקטאָגראַפּירען איהם און אַרויסשיקען צו אַלע מעמבערס פון אייער ברענטש. מיר האָפען אַליין זיך אומקעהרען צו דער פראגע וועגען די עמאַנציפּירטע פרויען אין איינעם פון די נעקסטע נומערען.

אַ. דזשייקאָבסאָן, טראָי: צו שפּעט אָנגעקומען פאר דעם סעפּטעמבער נומער. מיר וועלען זעהן, אַז איהר זאָלט קריגען פּינקטליך דעם „פריינד".

צו אַלע אונזערע קאָרעספּאָנדענטען: צוליעב די לאַנגע רעפּאָרטס פון דער גענ. עקז. און נאַצ. באָאַרד אָף דירעקטאָרס, וועלען אייערע קאָרעספּאָנדענצען געדרוקט ווערען אין איינעם פון די נעקסטע נומערען

# פראָטעסט רעזאָלוציעס

מיר, די פּאַציענטען פון א. ר. סאַניטאָריום, פאַרזאַמעלט ביי אַ מיטינג, זונטאג אבענד, דעם 3טען אויגוסט, צו פּראָטעסטירען געגען די פאַר אורטיילונג פון מאַנכע פון אונזערע פּאַציענטען אַרויסגעשיקט צו ווערען פון סאַניטאָריום, האָבען איינשטימיג אָנגענומען פאָלגענדע רעזאָלוציאָן:

אין אַנבעטראַכט דאָס די לאַגע פון אונזערע פּאַציענטען זיינען לעצטענס געוואָרען אַזוי אונערטרעגליך, אַ דאַנק די סיסטעמאַטישע פאַרנאַכלעסיגונג פון דער זייט פון אונזער סאַניטאַריום קאָמיטע, דאָס ווען די סאַניטאַריום קאָמיטע איז לעצטען זונטאג אַהער געקומען אויף איהר וועכענטליכען באַזוך, האָבען די פּאַציענטען געמוזט געבען אַן אויסדרוק צו אונזער אונצופריעדענהייט ביי ענטזאָגען זיך צו געהן עסען, און די קאָמיטע, אבסאלוט איגנאָרירענדיג אונז און זאגאר ניט וועלענדיג וויסען וואָרום מיר געהן ניט עסען, האָט דעם זעלבען אָבענד פּאַרלאָזען דעם סאַניטאַריום, לאָזענדיג אונז מיט אונזער אונצופריעדענהייט. אין אַנבעטראַכט דאָס אַ דאַנק די 8 פּאַציענטען פון סאַניטאַריום מיט וועמען די סאַניטאַריום קאָמיטע האָט זיך פאַרהאַלטען אין גוטברידערשאַפט און וועלכע זיינען, אַ דאַנק די גוט-ברידערשאַפט, יא געגאַנגען עסען, האָבען פאראורזאכט א געשלעג אין דיינינג רום, אויף מאָרגען, ווען די גרויסע מאַסע פּאַציענטען האָבען באַשלאָסען צו געהן עסען, אַ דאַנק וועלכע עס איז אַראָפּגעבראַכט געוואָרען די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע פון א. ר. צו דעם צוועק צו אונטערזוכען די אונרוהען וואָס הערשען ביי אונז אין סאַניטאַריום. אין אנבאטראכט דאָס אנשטאַט צו טרייען אויסצוגעפינען פון וואַנען די אונרוהען נעהמען זיך, האָט זיך די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע גענומען מאַכען אַן עכט באָלשעוויסטישע אונטערזוכונג צו טרייען אַרויסצופרעסען פון יעדען פּאַציענט באַזונדער אין געהיים וואָס ער דיינקט און ווי ער פיהלט וועגען דער אָדער יענער זאַך. אין אַנבעטראַכט, דאָס די נאַצ. עקז. האָט איגנאָרירט די פאָדערונגען פון אונז פּאַציענטען פאַר בעסערע באַהאַנדלונגען און האָט אַנשטאָט דעם באַשלאָסען אַרויסצושיקען פון סאַניטאַריום די יעניגע, וועלכע האָבען געוואַגט צו פּראָטעסטירען און לאָזען די יעניגע וואָס האָבען דעם געשלעג פאַראורזאַכט צו בלייבען. זיי עס באַשלאָסען אויסצודריקען אונזער טיעפסטען פּראָטעסט און ענטריסטונג געגען די אונגערעכטע האַנדלונג פון דער נאַצ. עקז. און דערביי דריקען מיר אויס אונזער העכסטע אַכטונג און טיעפסטען מיטלייד צו די אונשולדיגע פּאַציענטען וואָס דאַרפען, צוליעב די אונגערעכטע האַנדלונג פון דער נאַצ. עקז. ליידען, ספּעציעל דריקען מיר אויס אונזער הערצליכסטען דאַנק און טיעפסטע פאַרעהרונג צו אונזערע איבערגעבענע פריינדע, דאַרדעק און גאָלדבערג, וועלכע האָבען זיך ממש מקריב געווען פאַר דעם וואָהל און בעסטען פון אונזערע פּאַציענטען..

מיר פאָדערן דערביי אויף, די גרויסע מעמבערשיפּ פון אַרבייטער רינג צו פאָדערן גערעכטיגקייט פאַר אונזערע אונשולדיגע, וועלכע מיר פּאַציענטען האָבען פון דער עקזעקוטיווע ניט געקענט קריגען.

נ. סילבערט, אב. קאַץ, ר. רעננערמאַן, ד. עפראַן, רעז. קאָמ.

פון דער רעדאַקציע: אין אַלגעמיין האָבען מיר שוין געשריבען וועגען דער רעזאָלוציע אין אַן עדיטאָריעלען נאָטיץ. דאָ ווילט זיך נאָר פרעגען: איז נישט אמת, אַז פר. גאָלדבערג האָט אַ ל י י ן פאַרלאָזען דעם סאַניטאַריום? איז נישט אמת, אַז פר. דאַרדעק איז נאָך מיט צוויי טעג צוריק, איידער די עקזעקוטיוו האָט געפיהרט די אויספאָרשונגען, געפונען געוואָרען פון דר. האַלפערן געזונט און אויסגעשריבען געוואָרען? צו וואָס פאַרדרעהען די פאַקטען? פאַרוואָס האָט מען זיך איינגאַנצען פאַרגעסען אָן די דריי, וואָס מ'האָט טאַקע אַרויסגעשיקט? איז נישט אַמאָל די גאַנצע רעזאָלוציע „מייד אין פילאַדעלפיא", אַקוראַט ווי זי איז דאָרטען געדרוקט געוואָרען? פאַר די פריינד, וואָס וועלען לעזען די פּראָטאָקאָלען פון דער עקזעקוטיווע אין דעם נומער וועט עס ווערען פאַרשטענדליך.

---

## רעזאלוציאן פון בר. 105.

אין אנבאטראכט אז די עדיוק. קאָמ. פון א. ר. פארנאכלעסיגט איהרע פליכטען צו די קאָנטרי ברענטשעס דערמיט וואס זי שיקט נישט אפט קיין רעדנער נאָר זעהר זעלטען און אויך דאָס אין אזא צייט וואס מען קען קיין ערפאָלג פון א לעקטשור ניט ערוואַרטען, ווי א מיטען וואך אבענד, אדער זונטאג פריה, ווען גאָט און די וועלט האלטען נאָך אין דרעמלען, און צווייטענס, אז פון די א. ר. שוהלען געניסען די קאָנטרי ברענטשעס געוויס גאר נישט, און אז די צאָהלונגען פון די קאָנטרי ברענטשעס פאר דיזע צוועקען זיינען די זעלבע ווי פון די סיטי ברענטשעס מיט דעם אונטערשיעד אז די סיטי ברענטשעס געניסען דערפון דורך די צאָהלונגען פון די קאנטרי ברענטשעס, דעריבער זיי עס באשלאָסען, אז בר. 105 זאל שטימען דאגעגען יעדען פונקט, וואו די עדיוקיישאנאל קאָמיטע פארלאנגט געלט און מיר זאלען שטימען דאגעגען נישט אלס געגנער פון דיזען פרינציפּ נאָר אלס פראטעסט, און זיי עס ווייטער באשלאָסען, אויפצופאדערן די קאָנטרי ברענטשעס דורך די קאָלומס פון אונזער „פריינד", אונז נאָכצופאלגען מיר זאלען אויף דיזען וועג פיליכט קריגען די נויטיגע אנערקענונג פון דער עדיוקיישאָנעל קאָמיטע.

ס. ה. ריווין, סעק., בר. 105.

פון דער רעדאַקציע:
נישט קיין שלעכטער מיטעל צו צווינגען א „ביוראקראטישע" אינסטיטוציע, אז זי זאל זיך צוהערען צו דער שטימע פון פאָלק, כאָטש אויף ווי ווייט מיר ווייסען איז די צייט ווען גאָט דרעמעלט קיינמאָל נישט באַשטימט געוואָרען פון דער עדיוקיישאָנאל קאָמ. פאר א לעקטשור, אוים דער פשוט'ער אורזאך, וואס אונזער לעקטשורער דארף אויך אמאָל צומאכען מיט אַן אויג און זיך אויסרוהען. עס קען גרייליך זיין, אז זונטאג צוויי א זייגער ביזטאג שלאָפט מען נאָך אין הערינגבורג, אבער צו וואס נאָך ארונטערנומען דעם גאָט פון אלע שטעט און דערפער אונטער דער זעלבער קאָלדרע?

זעהט, פריינד פון הערינגבורג, אויף טשיקאַגאָ צו גרינדען אַן א. ר. שול ביי אייך צי די עדיוקיישאָנאל קאָם. וועט אייך נישט העלפען, כאָטש איהר האָט געשטימט געגען דעם טעקס!

---

מיר, די מעמבערס פון רעטשיצער קאַרל ליעבקנעכט בר. 469, פארזאמלענדיג זיך זונטאג, דעם 2טען אויגוסט, ביי אַ ספּעשעל מיטינג, וואו עס איז געלעזען געוואָרען אַ צושריפט פון אונזערע אַן אַלטען און פארטרויענסווערטען מעמבער, וועלכער באַשרייבט די טרויעריגע פּאסירונג אין סאַניטאַריום פון מאָנאַט יולי, וואו שאַריפס זיינען אַרויסגערופען געוואָרען איינצושטעלען אָרדנונג, צווינגט אונז מעמבערס, אוים באַדויערונג צום טרויעריגען פאַקט, פּראָטעסטירען געגען געברויכען שעריפס און דורך פיתרען ארעסטען, אַנשטאָט אָנווענדען פריהער מילדע באַנעהמונגען און מאַכט פון אינטעלעקטועלען איינפלוס, וואָס אונזער סאַניטאַריום קאָמיטע מוז באַזיצען אום אויפצופּאַסען אויף דעם געזונט פון שוואַכע מעמבערס און ברידער און קיינע שטרייטיגקייטען זאָלען מעגליך זיין.

רעזאָלוציאָנס קאָמיטע
מ. חייטאָוויטש, רעק. סעק.
ס. בראָסלי, מיכאל קראָוועץ.

פון דער רעדאַקציע: עס וואָלט געווען מעהר נישט ווי רעכט, אַז איהר זאָלט אמוועניגסטען האָבען צו אייערע פאַרוואַלטער נישט וועניגער צוטרויען, ווי איהר האָט צו אייער אַלטען און פאַרטרויענסווערטען מעמבער. פאַרוואָס האָט איהר נישט געפונען פאר נויטיג פריהער אויסצוהערען דעם ענטפער פון דער עקזעקוטיוו איידער איהר פאר'משפט איהר אונטער די אויגען? זענט איהר טאַקע אַזוי זיכער, אַז די סאַניטאַריום קאָמיטע האָט אַרויסגערופען שעריפס? ספּעציעל איהר, פריינד פון בר. 469, וואָס טראָגט דעם נאָמען פון אַזאַ שעהנעם העלד און קעמפּפער פאר'ן אמת, האָט געדאַרפט אַביסעל פאַרזיכטיגער זיין איידער איהר נעמט אָן אַ פּראָטעסט-רעזאָלוציע.

---

## דער ראַפעל פון בר. 205

פאָלגענדע ביכער זיינען געראַפעלט געוואָרען און ווער עס האָט זיי געוואונען „ווי אזוי אַמעריקא ווערט רעגיערט", דזשייקאָב סאַפער, ברענטש 205, אר. רינג; „אונזער גלויבען", בראון עהנרי, בר. 205, א. ר.; „אונזער גלויבען", ברענטש 221, אַר. רינג; „יוגענד", ראפּאפּאָרט לואי, ברענטש 205, אר. רינג; „קאַרל מאַרקס", ברענטש 1, אר. רינג; „רפאל נעריצך", ברענטש 296, אר. רינג; „סאָציאַליזם" אין צוויי טיילען, ברענטש 234, א. ר.; „גיו דע מאפּאסאן'ס" געזאַמעלטע ביכער, ברענטש 11, א. ר.; „הימעל און הערד", שיינקמאן מאַריס, ברענטש 205, א. ר. מיר זיינען געצוואונגען צו ראַפלען אַנדערע נאָמבערס, ניט די נאָמבערס וואָס איהר האָט אויף אייערע ראַפעל. — בר. 205, א. ר., י. פּרוזאנסקי, טרעזש.

* * *

**מאַנכע צייט-פאַרטרייבענישען פאַרטרייבען אונז פאַר דער צייט. — דר. חיימאן קאָהען.**




אָפיציעלער אָרגאַן פון ארבייטער רינג

# פריינד, מיט ליב און לעבען איןביידע קאַמפּיינס!

## אינהאַלט:



THE FRIEND
OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMEN'S CIRCLE

OCTO… 1919 — אָקטאָבער, 1919.

# THE FRIEND

OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMEN'S CIRCLE

Published Monthly

ABRAHAM EPSTEIN, National Chairman
ISADORE COHEN, National Vice Chairman
M. J. ASPIS, Sec'y N. B. of Directors

J. BASKIN, General Secretary
P. GELIEBTER, Recording Secretary
M. PERLOVITZ, Treasurer

I. B. BAILIN, Managing Editor

Office of Publication:
11 Martha Place, Passaic, N. J.

General Office:
175 E. Broadway, N. Y. City.



Subscription Rates:
Per Annum, 50c. Six Months, 25c.
Single Copy, 5cts.

Entered as second class matter April 21, 1911, at the Post Office at Passaic, N. J.

THE FRIEND



דער פריינד

Vol. X. OCTOBER, 1919. No. 10.

# פון מאָנאַט צו מאָנאַט

**פאַר דער הייליגער אַרבייט** צו אונזער גרויסען און טיעפען אומגליק ווערען אונזערע בערגעלאַך פון צעהנדליגער טויזענטער קדושים אין אונגאַרן, אוקראינא, ליטא, גאַליציען און פּוילען פאַרדונקעלט פון דעם ריעזען־באַרג פון אַכט מיליאָן מענשליכע סקעלעטען, וואָס די שרעקליכסטע מלחמה פון דער וועלט געשיכטע האָט אָנגעהורבעט. וואָס זיינען אונזערע בית־עלמנ׳ם פון עטליכע צעהנדליג פריהצייטיגע קברים אין פאַרגליך מיט די מיליאָנען הילצערנע צלמים, וואָס זיינען צואוואָרפען איבער איירָאָפּא. צו ערוואַרטען, אַז די האַרץ פון דער וועלט זאָל אויפציטערען פון אונזערע געפאלענע דורך שווערדען און דורך קאָסעס, דורך אייזענס און דורך דרענגער, דורך פייער און דורך וואסער וואָלט געווען אָן אונזין. איהר, די וועלט, איז נישט קיין גרויסער אונטערשייד צי דער מלאך־המות באַנוצט זיך מיט א דעגען צי מיט אַ סערפּ, מיט אַ בלייערנער קויל, צי מיט אַ הילצערנעם דראָנג, מיט א ניפּטיגען גאַז, צי מיט אַן אָנגעצונדענעם פייער. איהר האַרץ איז שוין אַזוי פאַרהאַרטעוועט געוואָרען (מישטיינס געזאָגט, וואָס פאַר א ווייכע האַרץ זי האָט עס פ ר י ה ע ר געהאַט!), אַז זי גיט זיך אפילו קיין טרייסעל נישט, ווען זי הערט פון נאָך עטליכע טויזענט מאָרדען. איהרע נערווען זיינען אַזוי פאַרשטאָלט געוואָרען, אַז קיין זאַך ווי שרעקליך זי זאָל נישט זיין קען נישט צוריקברענגען זייער עמפּינדליכקייט. אונזער שרייען, מעג עס זיין אַזוי הויך, אַז עס זאָל די הימלען שפּאַלטען, וועט אָבער די מענשליכע אויערען קוים באַריהרען. אונזער וויינען און בעטען וועט נאָר מעהר אונטערשטרייכען אונזער מיזעראַבעלע הילפלאָזינקייט. אונזערע תחנונים ווען נאָך די רוצחים׳ס הערצער צופרעגלען אין א שמאלציגען פאַרגעניגען....

עס איז נאָך אָבער פאַראַן איין זאַך, וואָס מיר קענען נאָך טאָן, אום צו פאַרשטילען דעם ברענענדיגען שמערץ אין דער נשמה. איין ארבייט בלייבט נאָך אונז צו טאָן, אויב מיר ווילען נישט משוגע ווערען פון קואַמפּהאַפּטע יסורים און הילפלאָזען יאוש, מ פ ק י ר זיין זיך מוזען מיר. זאָל דער העלישער צאָרן וואָס האָט זיך אויסגעגאָסען אויף אונזער פאָלק ג ל י י ך פאַרטיילט ווערען. זאָלען מיר זיך נישט פיהלען פאַר אויסגעוועהלטע, פאַר זיכער אין אונזער פעל, אין דער צייט ווען צעהנדליגע טויזענטע אונזערע אין אונגאַרן, גאַליציע, טשעכאָסלאָוואַקיע, אוקראינא, ליטא און פּוילען זיינען הפקר, ווי דער שטויב פון דער ערד. זאָלען מיר אליין אויף זיך אויסגיסען א טייל פון דעם ניפּטיגען בעכער. אפשר וועט פון דעם אונז אביסעל לייכטער ווערען. אפשר וועט דאָס עטוואָס באַרוהיגען די וואַהנזיניגע געדאַנקען, וואָס בליצען אין מוח און האַלטען איהם אין עקספּלאָדירען. זאָלען מיר ז י ך ר ו א י נ י ר ע ן, מקריב זיין זיך מיט אונזערע פאַרמעגענס פאַר דער שארית־הפליטה, פאַר די איבערגעבליבענע האַלב־משוגענע יתומים, וואָס בלאָנקען ארום ווי פאַרוואָגעלטע נשמות פון שטאָדט צו שטאָדט און וועלען שוין קיינמאָל נישט געפינען די יועמען זיי האָבען פאַרלוירען... זאָלען מיר, ארבייטער־רינג מיטגליעדער, ווייזען א ביישפּיעל און אנדערע צעהנדליגע טויזענדער וועלען אונז נאָכטאָן. זאָלען מיר אזוי פיעל געבען און געבען און געבען פאַר דעם רעליעף־פאָנד, אַז מיר זאָלען פאַרגעסען דעם צאָהל. זאָלען מיר מיט אונזער הפקר׳דיגער אויפּאָפּפערונג דעמאָנסטרירען פאַר אַלץ אין דער וועלט די טיעפקייט פון אונזער שמערץ, די גרענצלאָזיגקייט פון דעם אומגליק, וואָס האָט, דוכט זיך, קיין גלייכען נישט אפילו אין די פירכטערליכע געשיכטעס פון די בלוטיגע משאי־הצלב׳ס...

מיר וועלען זיך דאַרפען שעמען, אויב די סומע וואָס אונזער גענעראַל עקזעקוטיווע האָט אונז אויפגעפאָדערט צו שאַפען דעם יאָהר וועט נישט דערגרייכט ווערען מיט א היבשען עודף, מיר וועלען זיך דאַרפען שעמען פאַר אונזערע אייגענע שאָטענס...

זאָל איינע פון די וויכטיגסטע ארבייטען פון די סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס, וואָס זיינען נישט לאַנג צוריק ערוועהלט געוואָרען זיין אָט די הייליגע אַרבייט. זאָל קיין איין געלעגענהייט נישט דורכגעלאָזען ווערען, קיין א י י ן מיטעל נישט פאַרביינגעהן, קיין איין באַקאַנטער נישט איבערגעהיפּט ווערען אין דער גרויסער זאַמלונג צו ראַטעווען אַזוי פיעל וויפיעל עס וועט נאָר אין מענשליכע הענט מעגליך זיין פון דער שוידערליכער קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט אונז געטראָפען.

* * *

**פאַטאַלע רעזולטאַטען.** וואָרנונגען און אפּיעלס זיינען לעצטענס ארויסגעשיקט געוואָרען פון די פאַרשיידענע „באָאַרדס אָף העלטה“ וועגען דער געפאַהר פון דער אינפלוענציע, וואָס וועט מעגליך נאָכאַמאָל באַזוכען אונז נאָך ד ע ם הערבסט. פון אַנדערע ערטער קומען שוין אָן ידיעות פון איינצעלנע אומגליקס־פאַלען. נאַטירליך, וועלען דעם מאָל שוין זיין מעהר פאַרזיכטס־מיטלען און די ברייטע מאַסען וועלען שוין נישט זיין אַזוי הילפלאָז ווי אין דעם לעצטען מאָל. ווי עס זאָל אָבער נישט זיין איז נאָך די געפאַהר אינגאַנצען נישט פאַרביי. די רעזולטאַטען פון איהר לעצטען אַנגריף הייבט מען ערשט יעצט אָן צו רעאַליזירען אין זייער גאַנצער גרויס. עס איז נישט נאָר די צעהנדליגע טויזענדע קרבנות, וואָס זיינען געפאַלען טויט און שלאָפען שוין יעצט דעם אייביגען שלאָף. די מורא׳דיגקייט פון דער טראַגעדיע באַשטעהט אין די טויזענדער פאַמיליעס, וואָס זיינען איבערגעלאָזט געוואָרען אָהן קיינע מיטלען ווייטער צו עקזיסטירען און אין די צעהנדליגער טויזענדער, וואָס האָבען דורכגעמאַכט די קראַנקהייט און געבליבען לעבען, אָבער מיט פאַרשיידענע נאָכוועהנישען און נאָכפאָלגען. צו די גרויסע צאָהל יעהרליכע קרבנות פון דער ווייסער מגפה, טובערקולאָזיס זיינען יעצט צוגעקומען נאָך צעהנ־

ליגער טויזענטע פון די וואס האבען געקראגען די „מתנה“ אלס א נאכפאלגע פון אינפלוענציע אדער ניומאניע. אלע סאניטאריומס פאר טובערקולאז־קראנקע, וואס פוסטעווען קיינמאל נישט, זיינען יעצט אזוי איבערגעפילט מיט אומגליקליכע קראנקע, אז עס איז אפילו שוין מעהר נישטא קיין פלאץ צו לעגען זיי אויפ'ן פלאר, ביז עס וועט זיך מאכען א בעטעל. טויזענטע פון אזעלכע אומגליקליכע וואלגערען זיך יעצט ארום און וואגלען פון סאניטאריום צו סאניטאריום אין דער האפנונג צו געפינען ערגיץ א פלאץ, וואו דעם קאפ אנצושפארען און צו קענען קורירען זיך פון דער אנשיקעניש. אנדערש איז עס מיט די, וואס האבען צו דעם אומגליק דאס גליק צו זיין מיטגליעדער פון א. ר. זיי דארפען נישט וואגלען פון פלאץ צו פלאץ, פון סאניטאריום צו סאניטאריום ביז וואנען זיי קריגען ערגיץ א מעגליכקייט אוועקצולייגען זיך אויף א בעטעל פאר דער פרייז פון עטליכע צעהנדליג דאלער א וואך אדער פאר דעם נאך העכערען פרייז פון דארפען זיך ערנידעריגען און אנקומען צו פילאנטראפיע. דער מיטגליעד פון א. ר. ווי ער איז נאר אפגעוועזן צוועלף מאנאטען אין ארדען איז שוין אמווניגסטענס זיכער, אז אויב ער איז נאר פון דער מדרגה טובערקולאזים, וואס קען נאך געהאלפען ווערען פון א סאניטאריום, אז ער וועט איהם שוין נישט דארפען זוכען, אז ער אליין איז א ב ע ל ־ ה ב י ת פון איינער פון די שעהנסטע אינסטיטוציעס פון דעם סארט אין די פאראייניגטע שטאאטען.

זאל אט דער פאקט וועגען וועלכען מיר פארגעסען אזוי אפט, ווערען אויסגענוצט אזוי ווייט ווי מעגליך אין דעם יעצטיגען מיטגלידערשאפט'ס־קאמפיין, וואס מיר פיהרען אן. נישט נאר פאר דעם בענעפיט פון ארדען, נאר פראסט פשוט אויך פאר דעם נוצען פון אייערע פריינד, וועלכע, ווער ווייסט, קענען זיין אין דער זעלבער לאגע פון די אומגליקליכע, וועלכע פילען יעצט אן די ק א ר י ד א ר ע ן אין די סאניטאריומס פון קאלאראדא און קאליפארניא.

זעהט, אז קיין איינער פון אייערע פריינד אדער באקאנטע, וואס זיינען נאר ווערט צו זיין מיטגלידער אין ארבייטער־רינג, זאל נישט דורכלאזען די געלעגענהייט און אנשליסען זיך אן אייער ארדען. הונטערטער, וואס זיינען שוין יעצט אריבער די 45 יאהר באדויערען יעצט, וואס זיי זיינען מיט עטליכע יאהר צוריק נישט אריין אין א. ר.

מיט דעם וועט איהר נישט נאר ערפילען אייער חוב צו דעם 20־טויזענט נייע מעמבערס־קאמפיין, נאר אויך צו אייער פריינד, וועמען איהר דארפט זיין שטענדיג געטריי און ווארנען פון אן אומגליק.

* * *

**די לייבאר ליעג קאנווענשאן.**

אין אן אנדער ארט פון דעם נומער וועט דער לעזער געפינען א לענגערען און אינטערעסאנטען באריכט פון דער לייבאר ־ ליעג קאנווענשאן, געשריבען פון אונעזר נאציאנאלען טשערמאן פר. עפשטיין. עס איז נישט מעהר ווי רעכט, אז די מיטגליעדער פון א .ר. זאלען זיך אמווניגסטענס א צעהנט חלק אינטערעסירען מיט'ן לייבאר־ליעג, אונזער שוועסטער־ארגאניזאציע פון מאסאטשוסעטס, ווי די מיטגלידער פון ל. ל. אינטערעסירען זיך מיט'ן א. ר. און עס איז דא מיט וואס זיך צו אינטערעסירען. אויף דער לעצטער קאנווענשאן האט זיך ארויסגעצייגט, אז דער ל .ל. איז ספעציעל טעטיג אויף דעם קאאפעראטיווען געביעט; ער האט באוויזען פאר די לעצטע צוויי יאהר צו האבען די פראגע אויף זיין שטענדיגען טאגעס־ארדנונג און שענקט איהר די גרעסטע אויפמערקזאמקייט. ער פטר'ט איהר נישט אפ מיט א יהי־רצון, אדער מיט א פאפירענע רעזאלוציע, וואס בעט נישט קיין עסען, נאר ער איז זיך טאקע מתעסק אין דער עצם באוועגונג. מיר צווייפלען נישט, אז דער בארדען אין מאסאטשוזעטס איז מיט קיין האר נישט בעסער, אדער ערגער פאר קאאפעראציע פון קאנעקטיקוט אדער ניו יארק סטייט און מיר וואלטען אין דעם פרט געמעגט עפעס לערנען פון אונזערע מאסאטשוזעטסער פריינד.

די קאנווענשאן האט, ווי די פיעלע פריהערדיגע ל. ל. קאנווענשאנס, געמאכט א פייערדיגע דעמאנסטראציע פאר א י י ן ארבייטער־רינג אין אמעריקא. טראץ דעם, וואס דער ארדען ענטוויקעלט זיך נאכמאל און רעגעלמעסיג זיינען אונזערע פריינד פון מאס. גרייט יעדען אויגענבליק איבערגעבען זייער גאנצע מיטגלידערשאפט און סאלידען קאפיטאל צום ארבייטער רינג. אפילו די שרעקליכע מגפה פון לעצטען יאהר האט נישט אויסגעשעפט די קוועלען פון איהרע פאנדען און שטעהט יעצט סאליד און פעסט, פראפארציאנעל, ווי עס איז איהר שוועסטער ארגאניזאציע, דער ארבייטער רינג.

* * *

**די קאאפעראטיווע קאנווענשאן.**

בשעת די שורות וועלען שוין זיין אין פרעס וועט פארקומען אין בראנזוויל דער צוזאמענפאהר פון די אידישע קאאפעראטיווען אין אמעריקא. פיעל פון דעם ארבייטער־רינג, סאציאליסטישע פארטיי, יוניאנס, לייבאר־ליעג, אינדעפענדענט א. ר. נאציאנאלער ארבייטער פארבאנד א. אז .וו. וועלען זיך אין איהם באטייליגען. עס קען אבער מיט זיכערהייט באהויפטעט ווערען, אז די גרעסטע צאהל דעלעגאטען וועלען זיין מיטגלידער פון א. ר., ווייל פאקטיש זיינען זיי כמעט אומעטום די איניציאטארען פון אט דער יונגער באוועגונג. צווישען די פראגען, וואס די קאנווענשאן איז גערופען געווארען צו באהאנדלען פארנעהמען די פראגען פון פראפאגאנדע דורך א מאנאטליכען ארגאן און אן ארגאנייזער דעם אויבען־אן. ווי דער בארדען פאר קאאפעראציע איז יעצט אזוי גינסטיג דורך דעם פאבעלהאפטען יקרות און באריסונג פון די פראפיטירער, פונדעסטוועגען געפינען זיך פיעל אין אונזערע רייהען וועמען עס קומט פאר, אז די גאנצע געשיכטע האט גארנישט צו טאן מיט'ן א. ר. און מיט דער ארבייטער־באוועגונג. און זאל עס אונז צו קיין גנאי נישט זיין, מיר הערען אמאל אזעלכע באהויפטונגען פון מענשען, וואס וואלטען יא געמעגט עס וויסען, אז דער ארבייטער־רינג אליין איז נישט מעהר און נישט ווייניגער ווי א קאאפעראטיווע אונטערנעמונג פאר געזונד, לעבענס־און קראנקען־פארזיכערונגען און הערען מיר אמאל פון א ספאראדישען פאקט, אז דא אדער דארטען שטערט דער אדער יענער א. ר. טוער די קאאפעראטיווע אונטערנעמונג ווילט זיך אונז אסור אין דעם מאמענט לאכען...

גליקליכערווייזע זיינען אזעלכע פאקטען זעלטענע. זיי שטרייכען נאר אונטער, אז אין אלגעמיין פארשטעהען די א. ר. מיטגלידער זייערע פליכטען בנוגע צו דער קאאפעראטיווער באוועגונג, און אז זיי וועלען זעהן, אז די באשטימונגען פון דער לעצטער א. ר. קאנווענשאן בנוגע צו דער באוועגונג זאל נישט בלייבען אויפ'ן פאפיר...

**די באשלוסען פון קאנווענשאנס און קאמיטעס האבען נישט קיין ווערט**

־עוואָלוציאָנערע ־עזאָלוציעס.

אויף דער לעצטער זיצונג פון דער גענע־
ראַל עקזעקוטיוו, וועמענס פּראָטאָקאָלען געפי־
נען זיך טאַקע אין דעם נומער זיינען אָנגענו־
מען געוואָרען צוויי רעזאָלוציעס, וועלכע דאַרפען און וועלען,
אָהן צווייפעל, באַגריסט ווערען פון אונזער גאַנצער מיטגלידער־
שאַפט. איינע פּאָדערט אויף די רעגירונג פון די פאַראייניגטע
שטאַאַטען צו ווירקען, אַז די עליים זאָלען אַראָפּנעמען די בלאָ־
קאַדע פון סאָוועטען־רוסלאַנד. די צווייטע פּאָדערט אויף דיזעל־
בע רעגירונג אונזערע נישט אַרויסצוגעבען די אינדישע רעוואָ־
לוציאָנערען, וועלכע ענגלישע שפּיאָנען האָבען דאָ דערטשאַטע־
וועט און ווילען זיי אַרויסקריגען פאַר אַ „גוטען מאָהלצייט“ אין
ענגלאַנד.

עס איז גאַנץ נאַטירליך פאַר׳ן א. ר. און פאַר זיין פאַרוואַל־
טונג נישט צו שפּיעלען אין באַהעלטעניש און אַרויסקומען אָפען
מיט די געךעכטע פּאָדערונגען, וואָס בעטען זיך אַראָפּ פון די
ליפען פון יעדער אָרדענטליכען מענשען. מיר בעאַבזיכטיגען
נישט מיט דעם אָנצואווייזען, ווי דרייסט אונזער עקזעקוטיווע
געהאַנדעלט. מיר וואָלטען וועלען, אַז די רעזאָלוציע זאָל קריגען
דאָס אַ גרעסערע פּאָפּולאַריטעט ווען די ברענטשעס אויף די
מיטגלידער זאָלען נאָכטאָן דעם בייש־פּיעל און פאַרפלייצען זייערע
קאָנגרעסלייט און סענאַטאָרען מיט די זעלבע רעזאָלוציעס. צי
עס וועט העלפען צי נישט וועט עס אָבער זיין אַ אימפּרעסיווע
דעמאָנסטראַציע פון אַרבייטער־סאָלידאַריטעט און רעוואָלוציאָ־
נערער שטימונג.

* * *

ָלעראַנץ און רבייטערקייט.

עס איז אַמאָל שווער צו באַשטימען דעם
גרעניץ צווישען פּרינציפּענפעסטקייט און
טאָלעראַנץ. אַלענפאַלס קען מען גרינג גע־
טרויבעלט ווערען ווען די צוויי באַגריפען געהען איבער פון
אַבסטראַקציע צו דעם קאָנקרעטען פאַל. אָט האָבען מיר אַ
קאָנקרעטען פאַל אין פּ ע ט ע ר ס אָ ן , וואו דאָס האָט זיך
געשטעטיגט. עטליכע צעהנדליג מיטגליעדער פון א. ר. האָבען
...פאַרווינדיגט געגען די אינטערעסען פון אַ גרויסע צאָהל פּע־
רסאָנען־וועבער, מיט דעם, וואָס זיי האָבען געאַרבייט אויף
...יי לומס אַנשטאָט אויף צוויי און מיט דעם האָבען זיי באַ־
...נפלוסט די פאַבריקאַנטען צי פאַרגרעסערען די עקספּלואַטאַ־
...רישע פּראָדוקטיוויטעט פון די אַרבייטער. נאַטירליך, די
...אס האָבען עס געטאָן זיינען אַליין שטיקלאַך בעלי־בתים פּ אַ ר־
...ד, זיי האָבען, עטליכע בשותפות, זייערע אייגענע מאַשי־
...ן און וועלענדיג וואָס גיכער צו „שטעלען זיך אויף די פיס“
...בייטען זיי אינטענסיווער, לענגער און אויף ד ר י י לומס.
...ן זיינען באַשטראָפט געוואָרען פון די ברענטשעס מיט געלד־
...עען ($99) און אויף זייערע אַפּילס צו דער גענ. עקזעקוטיווע
...ט, נאַטירליך די עקזעקוטיווע געשטעלט זיך אויפ׳ן שטאַנד־
...קט פון די אַרבייטער און נישט פון די געוואָרענע קליינביר־
...ר. די עקזעקוטיווע האָט צו זיי אַפּעלירט, אַז זיי זאָלען אַוועק־
...רפען אַלע אַרבייטער־פיינדליכע האַנדלונגען, אויב פאַר זיי
...טייער דער א. ר. און זיי ווילען אין איהם בלייבען.
לעצטענס הערען מיר, אַז עס זיינען פאַראַן איינינע, וואָס
...בען זיך צוגעהערט צו דעם אַפּיעל פון דער עקזעקוטיווע און
...בען אויפגעגעבען זייער אַרבייט אויף דריי לומס וועלענדיג
...עער פאַרבלייבען אין א .ר. איידער שנעל רייך צו ווערען און
...עען פאַרדאַמט פון א. ר. מיר האָבען אַזעלכע אידעאַליסטי־
שע מיטגלידער, וואָס זיינען גרייט צו ברענגען אַזעלכע גרויסע
קרבנות צוליעב דעם אָרדען און מיר האָבען געפיהלט ווי מיט
עפּעס אויסצודריקען זיי אונזער אכטונג און שעצונג. הערען
מיר אָבער, אַז אַ ברענטש אין פּעטערסאָן האָט זיך געשטעלט
אויפ׳ן שטאַנדפּונקט, אַז ער גלויבט נישט אין קיינע בעלי־
תשובות און פּאָדערט אויף אַ געוויסען מיטגליד, וואָס האָט שוין
אויפגעהערט צו אַרבייטען אויף דריי לומס, אַז ער זאָל באַצאָה־
לען די 99 דאָלאַר שטראָף. אויב דאָס זאָל זיין ריכטיג זינדיגט
אין דעם פאַל דער ברענטש זעהר שטאַרק געגען דער מענשלי־
כער עטיק אין אַלגעמיין און געגען דער אַרבייטער עטיק איבער־
הויפּט. עס איז שוין אַן אַלגעמיין אָנגענומענער כלל, אַז אַ
ב ע ל ־ ת ש ו ב ה שטעהט אויף אַ סך העכערער מאָראַלישער
הויך ווי אַזוי אַ רעכטפערטיגער מענש, וואָס האָט קיינמאָל נישט
געזינדיגט. מיר וואָלטען, פאַרקעהרט, אַנשטאָט צו באַשטראָ־
פען אַזאַ מענשען צוגעטיילט איהם דעם געהעריגען כבוד, וואָס
עס קומט איהם פאַר אַרויסרייסען זיך פון די רייפען פון אייג־
גען־נוץ און עגאָאיזם און אויפהייבענדיג זיך צו אַ מדרגה פון
אָפּפערוויליגקייט און זעלבסט־דיסציפּלין.

* * *

די עפענונג פון צוויי נייע אינסטיטוציעס.

די אינסטיטוציע פון די דיסטריקט דאָק־
טוירים אין ניו יאָרק, וואָס עטליכע צעהנדליג
ברענטשעס האָבען אָרגאַניזירט ווערט שוין די
טעג אַ לעבעדיגער פאַקט. אויף ווי ווייט מיר ווייסען ווערט די
טעכנישע מאַשינעריע אינסטאַלירט מיט אַ מערקווירדיגער
פּינקטליכקייט, אונטער דער אויפזיכט פון אַ פעהיגען דירעק־
טאָר און כמעט אַלץ איז שוין גרייט פאַר דער ערעפנונג פון
דעם דעפּאַרטמענט. עס איז געלונגען דעם פאַרוואַלטונגס־קאָ־
מיטע צו פאַראינטערעסירען אין דער מיטאַרבייט אַ רייהע פון
באַקאַנטע און גוטע דאָקטוירים אין די פאַרשידענע געגענדען
אין שטאָדט, וואָס פאַרשפּרעכען צו דיענען די אינטערעסען פון
די אָנגעשלאָסענע ברענטשעס אויף אַ צופרידענשטעלענדען
אופן. מיר וועלען אויפמערקזאַם באַטראַכטען די ערשטע רע־
זולטאַטען פון דעם עקספּערימענט און וועלען זיך טיילען מיט
דעם מיט אונזערע לעזער. דערווייל ווינשען מיר אָט די נייע
אינסטיטוציע אַ גליקליכען און ערפאָלגרייכען אָנהייב.

* * *

עס הייבט אויך אָן צו פונקציאָנירען די טעג דער נייער
אידישער פאָלקס־טעאַטער, די קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעהמונג
מיט אַ קאַפּיטאַליזאַציע פון פינף און צוואַנציג טויזענד דאָלער
אין שערס, אונטער דעם נאָמען „די אידישע ביהנע“. כאָטש
די אונטערנעהמונג איז ניט קיין אויסשליסליכע א. ר. אונ־
טערנעהמונג, דאָך איז עס מעהר דעב אַרבייטער רינג׳ס ווי
אימיצען אנדערש׳ס. עס איז דער בר. 555 א. ר. וואָס האָט
געקויפט די גרעסטע צאָהל שערס און עס זיינען די טוערס פון
דעם בר. וואָס זיינען די הויפּט־איניציאַטאָרען פון דעם אויפטו.
דער הויפּט־ציעל פון דער א י נ ס ט י ט ו צ י ע איז
צו געבען די אידישע פאָלקס מאַסען פאַר ביליגע פּ ר י י ז ע ן
גוטע, קינסטלערישע פּיעסען פון די אידישע און אייראָפּעאישע
דראַמאַטורגען און צו באַנוצען זיך מיט די פּראָפיטען פון דער
אונטערנעהמונג פאַר די בעסטע און קולטורעלסטע צוועקען פון
דער באַוועגונג .

מיר ווינשען איהר און אַלע איהרע אַקטיווע טוערס ערפאָלג
און גליק אין זייער שווערע, אָבער דאַנקבאַרער אַרבייט.

...זהן אייער מיטאַרבייט. העלפט אונז דורכפיהרען ביידע שווערע קאַמפּיינס!

# ערנסט העקעל און זיין טעאָריע פון „לעבען"

פון א. ש. זאקס

מיט דעם טויט פון דעם גרויסען דייטשען געלעהרטען ערנסט העקעל איז צוריק ארויפגעשוואומען די אלט־נייע פראגע איבער דער ענטשטעהונג פון לעבען אויף דער ערד.

ביז דעם דאַרוויניזם איז דער גרעסטער פראגע־צייכען ביי די נאַטור־פאָרשער געווען: דער מענש.

ווי אזוי איז געקומען דער מענש אויף דער וועלט? ווער האָט אין איהם אריינגעבלאָזען א נשמה, א גייסט? ווי אזוי פאַרנעמט ער אין דער נאַטור א העכערען, א מעהר בכבוד'יגען פּלאַץ, ווי אלע אנדערע באַשעפעניסען? און אזוי ווי מיט דער פראַגע פון „מאין באת" איז פארבונדען דער לאן „אתה הולך", טאָ האָבען זיך אָנגעפאנגען צו שטעלען פראַגעס איבער דעם, וואָס עס ווערט מיט'ן מענשען נאָך זיין טויט, וואו עס קומט אהין זיין נשמה און עס איז אויפגעבויט געוואָרען די מיינונג, וועגען השארת הנפש און אלע אנדערע אזוינע טעאָריעס, וואָס זיינען געווען צו דער האנד די פאַרשידענע יעזואיטען, וועלכע האָבען זיך אריינגעגנב'עט אין די פינסטערע ווינקעלעך פון דער נאַטור צו שפּינען זייערע נעצען און צו פאַנגען דעם געזונדען שכל.

דאַרווין'ס טעאָריע, אז אלע מינים האָבען זיך ענטוויקעלט איינע פון די אנדערע, די העכסטע פון די נידעריגערע; די קאָמפּליצירטע פון די איינפאַכע, האָט אוועקגענומען דעם שלייער וואָס איז יאהר טויזענדע געהאנגען איבער דעם געהיימניס־פולען מענשען.

א דאנק דדאַרווינ'ס טעאָריע איז געוואָרען פאַר אלעמען קלאָר אז דער מענש גופא איז ניט מעהר ווי א העכער ענטוויקעלטע חיה, וואָס פיהרט זיין יחוס פון די זויג־חיות. אָט די ענטוויקלונגס־טעאָריע האָט אכת אראָפּגעריסען דעם אתה בהרתנו־קרוין פון'ם מענשען, אָבער זי האָט דערפאַר ניט איבער־געלאָזען דעם קלענכסטען ספק איבער די ענטפערס אויף די אויבענגעשטעלטע פראגען מכח דעם מענשען'ס קומען און געהן.

מיט דעם באשייד אויף דער רעטעניש: מענש, האָט אָנגעפאנגען צו פאָדערען אן ענטפער די רעטעניש: לעבען.

וואָס איז אזוינס לעבען? לעבענס גייסט? מיט וואָס אונטערשיידען זיך די לעבעדיגע באַשעפענישען פון די אונלעבעדיגע זאכען, ווי אזוי זיינען די ערשטע לעבעדיגע בעשעפענישען געקומען אויף אונזער ערד? דורך וועלכע כחות?

דאַרווין אליין האָט זיך מודה געווען, אז אויף די פראגע פון לעבען, גיט זיין ענטוויקלונגס לעהרע קיין ענטפער ניט. זי האָט נאָר צו טאָן — זאָגט דאַרווין אין „זיין ענטשטעהונג פון מנים", וואָס אי זערשינען אין 1859 — „מיט דער אור־שפּרונג פון די גייסטיגע גרונד־קרעפטען און ניט מיט דעם אור־שפּרונג פון דעם לעבען גופא". דאַרווין האָט זיך, בכן, אָפּגע־זאָגט צו פאַרענטפערען דאָס פּראָבלעם, צו געבען א באשייד אויף דער רעטעניש.

דאָס האָט געטאָן דאַרווין'ס גרעסטער חבר און תלמיד, דער אָט דאָ איצט פאַרשטאָרבענער ערנסט העקעל פון יענא.

העקעל איז געווען דער באַדייטענדסטער פאָרשטעהער פון דער מאַניסט - מעכאַניסטישער וועלט - אַנשויאונג. ער האָט זיך באַמיהט צו באַווייזען, אז אין דער אונלעבעדיגער ווי אין דער לעבעדיגער נאַטור עקזיסטירען איינע און דיזעלבע געזעצען און הערשען איינע און דיזעלביגע קרעפטען. העקעל מיינט, אז לעבען און לעבענס ערשיינונגען זיינען ניט פאַרבונדען מיט געוויסע גייסטער, פון וועלכע מיר האָבען ניט און קענען ניט האָבען קיין השגה, נאָר אז זיי זיינען ניט אנדערש, ווי מעהר קאָמפּליצירטע, מעהר פאַרוויקעלטע ערשיינונגען פון דער ממשות'־דיגער מאַטעריע. העקעל איז א כופר בעיקר און גלויבט איבער־

הויפּט ניט אין אונזעהבאַרע געטער און גייסטער, וועלכע זאָל[...]
שטעהען הינטער די קוליסען פון אונזער וועלט און דרעהן[...]
מיט אלעס, וואָס קומט אין דיזער וועלט פאָר. העקעל האַלט [...]
פון די בלינדע נאַטור־געזעצען, און אלע ערשיינונגען זוכט [...]
צו ערקלעהרען אויף דעם סמך פון אָט די בלינדע רעגירענ[...]
קרעפטען. זיין מיינונג איז זעהר וויכטיג. לאָמיר צוליי[...]
אביסעל די קאָפּ און אויסהערען איהם אליין.

„די כעמיע האָט אין פאַרלויף פון די לעצטע 40 יאָהר [...]
זאָגט העקעל — דורך זעהר פיעל אונטערזוכונגען פעסט[...]
שטעלט די דאָזיגע כללים:

1) אין די אָרגאַנישע, לעבעדיגע נאַטור־קערפּער (באַש[...]
פענישען) זיינען ניט פאַראַן אנדערע עלעמענטען, ווי ביי [...]
ניט־אָרגאַנישע (שטיינער, מינעראַלען, מעטאַלען א. אז. וו.)

2) די יעניגע פאַרבינדונגען פון די עלעמענטען, וועל[...]
בויען אויף דעם אָרגאַניזם און וועלכע רופען ארויס „די לעבענ[...]
ערשיינונגען" זיינען צוזאַמענגעשטעלט פון פּלאַזמאַ־קערפּער[...]
וואָס באַשטעהען פון איי־ווייס פאַרבינדונגען.

3) דאָס אָרגאַנישע לעבען אליין איז א כעמיש־פיזיש[...]
פּראָצעס און קומט פון דעם שטאָף־וועקסעל פון די פּלאַזמאַטי[...]
אייוויים קערפּער.

4) אייוויים קערפּער זיינען צוזאַמענגעשטעלט פון אָט [...]
זעקס עלעמענטען: קוילען־שטאָף, זויער־שטאָף וואַסער־שט[...]
שטיק־שטאָף, שוועבעל און פאָספאָר. דער וויכטיגסטער ע[...]
מענט, וועלכער איז מעהר פון אלע פאַרטראָטען אין די אייוו[...]
קערפּער, און וועלכער איז אימשטאַנדע אלע איבעריגע מיט [...]
באַבינדען, איז דער קוילען־שטאָף.

5) די קויהלען־שטאָף פאַרבינדונגען פון דעם פּלאַז[...]
צייכענען זיך אויס פון אלע אנדערע כעמישע פאַרבינדונגען ד[...]
דעם, וואָס דער כוח פון מאַלעקולען**) איז זעהר קאָמפּליצי[...]
און דורך דעם, וואָס זיי ענדערען זעהר שנעל זייער פאָרם.

---

*) פּלאַזמאַ רופט זיך די הויפּט סובסטאַנץ פון א צעלל. עס [...]
א מין פאַרגליווערטע, געדיכטע פליסיגקייט און באַשטעהט פון [...]
שיעדענע אייוויים קערפּער. אין דער פּלאַזמאַ, ווי אין דער גאַנ[...]
צעל קומט פאָר א שטאָף וועקסעל. אונטער שטאָף וועקסעל פאַרשט[...]
מען דעם אויסטויש און דאָס וועקסלען זיך פון פאַרשיעדענע ע[...]
מענטען שטאָפען. א טייל שטאָפען ווערען אויסגענוצט, פאַרבר[...]
און אויסגעאטעמט און די צוגעקומענע (דורך שפּייז) עלעמענטען
אויסען ווערען איבערגעאַרבייט, קומען אריין אין די צעלען,
נייען און ערפילען דעם פּלאַץ פון די אָפּגענוצטע און אויסגעאטעמ[...]
שטאָפען.

אָט דער פּראָצעס פון אויסנוצען, אויסאטעמען און באַני[...]
וואָס מוז פאָרקומען אין יעדען לעבעדיגען קערפּער, אָט דער „שט[...]
וועקסעל" איז ניט אַנדערש ווי א רעזולטאַט פון כעמישע און פיז[...]
אייגענשאַפטען און קרעפטען, וועלכע די שטאָפען באַזיצען.

**) אין דער כעמיע אונטערשיידעט מען אטאָמען און מאַלעקו[...]
אַטאָם איז די קלענסטע איינהייט פון א געוויסען עלעמענט, וו[...]
קען שוין מעהר ניט געטיילט ווערען. אטאָם איז א גריכיש וו[...]
און הייסט אונטיילבאַר. יעדען עלעמענט קען מען אין אונזער
גריף טיילען און טיילען, ביז וואַנעט מיט קומען צו אזא צושט[...]
וועלכער לאָזט זיך ניט מעהר שפּאַלטען, און אָט דער אונטיילבא[...]
טייל איז אַן אַטאָם.

מאַלעקול איז די קלענסטע איינהייט פון א געוויסען קערפ[...]
וואָס באַזיצט אלע אייגענשאַפטען פון דעם קערפּער. א מאַלעקול
דאָס דער אייגענער קערפּער אין דעם קלענסטען פאָרמאַט, ווי
קענען זיך נור דענקען. אַן אטאָם קען נור זיין ביי גרונד עלעמ[...]
טען, אָבער ניט ביי קערפּער, וועלכע זיינען צוזאַמענגעזעצט פון צ[...]
אָדער איניגע עלעמענטען. וואַסער, למשל, איז ניט קיין גרונד [...]
מענט, נאָר א צוזאַמענגעשטעלטער קערפּער, וועלכער באַשטעהט
די גרונד עלעמענטען זויער שטאָף און וואַסער שטאָף. מיר קע[...]
דעריבער ניט זאָגען איין אטאָם וואַסער, נור איין אטאָם וואַס[...]
שטאָף, איין אַטאָם זויער־שטאָף, איין אטאָם שטיק־שטאָף א. אז.

איפ׳ן סמך פון די פינף כללים האָט העקעל אויפגעשטעלט
י בא וואָכטע קויהלען־שטאָף טעאָריע, ווי מיר ווילען עס זעהן
זין צווייטען אַרטיקל.

---

לויט דריזער טעאָריע איז דאָס לעבען ענטשטאַנען אויפ׳ן אַטירליכען וועג פון ניט־אָרגאַנישע עלעמענטען. די אָרגאַנישע אַטור מיט אַלע לעבעדיגע באַשעפענישען אונטערשיידעט זיך ון דער ניט־אָרגאַנישער ניט קוואַליטאַטיוו, אין איכות, נור וואַנטיטאַטיוו, אין כמות. אויפגעבויט פון דעמזעלביגען מאַ־עריאַל, ווי די מינעראַלען און מעטאַלען, קענען די לעבעדיגע יעזענס נור האָבען אַזוינע קרעפטען און אייגענשאַפטען, וועלכע יירקען און רעגירען אין דער אונבאַלעבטער נאַטור. דער בוי ון פּלאַזמאַ־מאָלעקול איז אָבער מעהר פאַרוויקעלט, מעהר קאָמ־ליצירט. די אַטאָמען זיינען מעהר און קונציגער אָרגאַניזירט וישען זיך, און דורך דעם, וואָס די אָ ר ג אַ נ י ז אַ צ י ע ן די אַטאָמען און די מאָלעקולען איז אַ העכערע, אַ מעהר אויס־עבילדעטע, באַקומען מיר אויך העכערע מאַניפעסטאַציעס — אָס, וואָס מיר רופען „לעבענס ערשיינונגען“.

אויף די פראַגע, בכן, וואָס איז אַזוינס לעבען? קאָן מען גבען אַ קורצען תירוץ: דאָס לעבען איז ניט אַנדערש ווי אַ גע־יסע אָ ר ג אַ נ י ז אַ צ י ע פון דעם וועלט־שטאָף. ווען אָט י אָרגאַניזאַציע צעפאַלט, נ אַ ט י ר ל י ך (דורך׳ן עלטער) דער א ו נ נ אַ ט י ר ל י ך (דורך קראַנקהייט) הערט אויך יף דאָס לעבען. דער אָרגאַניזים שטאַרב אָפּ. עס טרעט איין ער טוים.

לויט העקעל איז דער סדר, ווי אַזוי דאָס לעבען איז ענט־טאַנען געווען ניט מעהר, ווי אַ כ ע מ י ש ע ר פּראָצעס. יב עס וואָלטען זיין איצט אַזוינע באַדינגונגען, ווי אין יענע יטען, ווען דער פּראָצעס איז פאָרגעקומען, וואָלטען אויך איצט נגען ענטשטעהן לעבעדיגע באַשעפענישען פון דער אונבאַלעב־ער נאַטור. אויב היינט באַגעגענען מיר בלויז ע ל ט ע ר ע ן י י ג ו נ ג, אָבער ניט א ו ר צ י י ג ו נ ג (דאָס הייסט, יא פאָרגאַנג, וואו לעבעדיגע וועזענס זאָלען זיך ענטוויקלען ון עלטערען) איז עס נור דערפאַר, ווייל היינט האָבען מיר דעם יהלען־שטאָף פון דער פרייער נאַטור אין אַזאַ פאָרמע, וואו ער ן זיך ניט פאַרבינדען מיט די אַטאָמען פון די איבריגע עלע־גטען, וועלכע נעהמען אַן אַנטייל אין דעם מאָלעקול פון איוי־ים קערפּער, וואָס בילדעט די הויפּט סובסטאַנץ פון דער אזמא.

---

ר זאָגען אָבער יאָ איין מאָלעקול וואַסער, ד. ה. דער קלענסטער טראָ־פיל וואַסער, וואָס באַזיצט אַלע פעהיגקייטען און האָט דיזעלבע ון ווי דאָס וואַסער איבערהויפּט. אַ מאָלעקול וואַסער קען אַלס אַסער מעהר ניט געטיילט ווערען. אַ מאָלעקול וואַסער קען נור טיילט ווערען אויף וואַסער־שטאָף און זויער־שטאָף. דער כאַראַק־ר פון וואַסער ווערט אָבער דעמאָלט פאַרלוירען. איין מאָלעקול שטעהט געוועהנליך פון צוויי אַטאָמען. עס זיינען אָבער פאַראַן עלכע מאָלעקולען, וועלכע באַשטעהען פון פיעל אַטאָמען. די צו־מענזעצונג פון די מאָלעקולען דורך די אַטאָמען רופט מען: „דער י פון מאָלעקול“. אָדער „די מאָלוקולאַר סטרוקטור“. די איוי־בשאַפטען פון מאָלעקול קומען פון די אַטאָמען, וועלכע בויען איהם, ם מאָלעקול, און עס איז זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז וואָס גרעסער עס ז די צאָהל פון די אַטאָמען און וואָס קאָמפּליצירטער זיי זיינען גאַניזירט און צוזאַמענגעבונדען אין דער פאָרם פון אַ מאָלעקול, ון קאָמפּליצירטער און פאַרוויקעלטער איז די „מאָלעקולאַר סטרוק־“ און אַלץ קונציגער און קאָמפּליצירטער זיינען די אייגענשאַפ־ן פון מאָלעקול.

העקעל איז זיך משער, אַז דאָס ערשטע לעבען האָט זיך ענטוויקעלט אויף אַזאַ אופן:

אין יענע צייטען, ווען די ערד איז נאָך געווען אין אַ פייעריג פליסיגען צושטאַנד, האָט דער קויהלען־שטאָף געהאַט די מעגליכ־קייט זיך צו פאַרבינדען מיטן׳ שטיק־שטאָף. אַזוי האָבען מיר באַקומען קויהלען־שטאָף פאַרבינדונגען, וועלכע ענטהאַלטען אין זיך שטיק־שטאָף.

נאָכדעם ווי די אויבערפלעך פון דער ערד האָט זיך אָפּגע־קיהלט און עס איז געוואָרען מעגליך וואַסער אין פליסיגען צו־שטאַנד, זיינען די פריהערדיגע מאָלעקולען געוואָרען נאָך מעהר קאָמפּליצירט דורך דעם, וואָס עס איז צוגעקומען וואַסער־שטאָף און זויער־שטאָף אַטאָמען.

די אַלע צוזאַמען מיט פאָספאָר און שוועבעל, וואָס האָבען זיך דעמאָלט געפונען אין אַ פאַרע צושטאַנד, האָבען זיך פאַר־אייניגט און געבילדעט די ערשטע נידעריגסטע פאָרמע פון איוי־ווייס פאַרבינדונגען (אַלבומין אָדער פּראָטעאין). די מאָלעקולען פון אַלבומין האָבען זיך צונויפגע׳חבר׳ט און האָבען צוזאַמענגע־בילדעט אַ ג ר ו פּ ע פון מאָלעקולען, אָדער ווי מען רופט דאָס מ י צ ע ל ע ן.

פון די מ י צ ע ל ע ן האָבען זיך מיט דער צייט ענט־וויקעלט איינאַרטיגע פּלאַזמאַ קערנדלעך — די מאָנערען. די מאָ־נערען באַשטעהען פון רונדע, צוזאַמענגעצויגענע שטיקלאַך פּלאַז־מאַ, און באַזיצען נאָך ניט קיין צעלקערן.*)

די מאָנערען זיינען די ערשטע לעבעדיגע באַשעפענישען, וועלכע זיינען נאָך ניט אָרגאַניזירט. דאָס זיינען אָרגאַניזמען אָהן אָרגאַנען.

שפּעטער איז אין די מאָנערען פאָרגעקומען אַ דיפערענצי־רונג, אַן אַרבייטס־צוטיילונג. די אויבערשטע שיכט פון דעם פּלאַזמאַ האָט זיך פאַרהאַרטעוועט און געבילדעט אַ וואַנד, וואָס גרעניצט אָפּ דעם אינהאַלט פון דער צעלל פון דער אויסערליכער נאַטור. אין מיטען פון דעם פּלאַזמאַ האָבען זיך די מאָלעקולען פאַרהאַרטעוועט, זיך פעסטער ארומגענומען און אויף אַזאַ אַרט געבילדעט דעם פעסטען צעלקערן.

אויף דעם אופן האָבען זיך, לויט העקעל, די ערשטע איינ־צעליגע אָרגאַניזמען, וועלכע ווימלען נאָך היינט אין אַלע שאַ־זעלקעס, טייכען און זיינען אָנגעפּיקעוועט אין דער לופט און אומעטום, וואו מען קעהרט זיך און וואו מען ריהרט זיך.

ווי אַזוי פון די איינצעליגע אָרגאַניזמען האָבען זיך ענט־וויקעלט די אַנדערע העכערע באַשעפענישען, פלאַנצען, חיות און דער מענש — דאָס ערקלעהרט אונז די ענטוויקלונגס לעהרע פון טשאַרלז דאַרווין.

דאָס פּראָבלעם איבער דעם אָנהויב פון לעבען איז ביז העקעל׳ס קויהלען־שטאָף טעאָריע געווען איינע פון די גרעסטע רעטענישען אין דער בריאה, איינע פון איהרע פינסטערסטע ווינקלעך, אַ דאַנק העקעל, איז דיזער דונקעלער ווינקעל געוואָרען מעהר באַלויכטען און דעם מענשען׳ס פאָרשענדען שכל איז גע־געבען געוואָרען די מעגליכקייט אויך דאָ אריינצודרינגען. די רעטעניש פון „לעבען“ און פון דעם אָנהויב פון לעבען, צוליעב וועלכע פיעל זעהען אין דער נאַטור אַן איבערנאַטירליכע, געט־ליכע קראַפט, ווערט אין גאַנצען פאַרנאַנדערגעפּלאָנטערט און מען הערט אויף צו זעהן „געטער“ און „גייסטער“ דאָרטען, וואו עס ווירקען בלויז פיזישע און כעמישע געזעצען.

---

*) זעה די אויגליטונג צו מיין „באָטאַניק“ נומער איינס פון דער אַרבייטער רינג ביבליאָטעק. א. ש. ז.



# כ׳האָב געזוכט...

## פון בעסי הערשפּיעלד



האָב געזוכט, געזוכט דיך אַזוי לאַנג...
פונען בלויז די שפּורען פון דיין גאַנג...
שפּורען האָבען מיר, ווי שטערנדלאַך, געשיינט;
לויכטען האָבען זיי מיין יאוש׳דיגען היינט...

איך האָב גערופען דיך, גערופען דיך אומזיסט —
געוואָרען איז דאָס לעבען פאַר מיר פּוסט...
פאַרגאַנגען איז דיין לעצטער שפּור פון וועג,
געוויינט האָב איך, געוויינט אויף מיינע טעג...

# יעקב דינעזאָהן

פון דר. יעקב גרינפעלד.

לעצטען מאָנאט האָט דער טעלעגראף געבראכט די טרויעריגע נייעס, אז דער בארימטער אידישער שריפטשטעלער יעקב דינענזאָהן איז אין עלטער פון 63 יאָהר געשטאָרבען. די אנפאנגס־זיילען פון דער אידישער ליטעראטור זיינען אין דער גאָר־לעצטער צייט געפאלען איינע נאָך דער אנדערער. מענדעלי, פּרץ און שלום עליכם זיינען אין א משך פון דריי, פיער יאָהר געוואָרען די פארגאנגענהייט פון דער אידישער ליטעראטור און צו זיי איז איצט אויך צוגעקומען יעקב דינענזאָהן.

ווער איז יעקב דינענזאָהן און וואָס פאר א באדייטונג האָט ער אין דער אידישער ליטעראטור ?

אום צו ענטפערען אויף אָט דער פראגע מוזען מיר זיך קודם כל אביסעלע באקענען מיט דער צייט אין וועלכער יעקב דינענזאָהן האָט אָנגעפאנגען און ענטוויקעלט זיין ליטעראַרישע טעטיגקייט.

יעקב דינענזאָהן איז אויסגעקומען אָנצופאנגען זיין שאפען אין א צייט, ווען די אידישע ליטעראטור איז באהערשט געוואָרען פון צוויי שטרעמונגען : א ו י פ ק ל ע ה ר ו נ ג און א י נ ט ע ר ע ס א נ ט ק י י ט. די אויפקלעהרונג — די פאָרטזעצונג פון דער העברעאישער השכלה — האָט געקוקט פון אויבען־אראָפּ אויף'ן אידישען לעזער, זיך ניט גערעכענט מיט זיין געשמאק און מיט זיינע מעגליכקייטען אויפצופאסען זאַכען ; זי האָט געהאלטען אין איין אויפקלעהרען נאָך'ן רעצעפּט פון איבערזעצטער נאטור־וויסענשאפט, פון באקעמפונג פון חסידיזם און פאנאטיזם. אָט די ליטעראטור האָט ניט געקענט ווערען קיין פאָלקס־אייגענטום, ווייל פאר'ן „איידעלען" אידען, דעם תלמיד־חכם איז זי געווען צו פּאָפּולער און דערצו געשריבען אין א ווייבער־שפּראך; פאר'ן פשוט'ן פאָלק איז דאָס געווען צו הויך און ניט אינטערעסאנט.

די צווייטע ריכטונג, אינטערעסאנטקייט, האָט זיך גערעכענט מיט'ן פאָלקס־געשמאַק, האָט געוואָלט נאָכקומען אין גאנצען זיין וואונש און איהם דערצעהלען, וואָס עס געפעלט איהם אַם בעסטען. די צרה איז אָבער, וואָס זיי האָבען אָט דעם פאָלקס געשמאק, וועמען זיי האָבען געהאלטען פאר מאסגעבענד אין דער ליטעראטור, אין גאנצען ניט פארשטאנען ; דערצו איז נאָך געקומען די גרינגשעצונג פון'ם אלטעגליכען לעבען און דאָס ניט־פארשטעהען פון געוועהנליכע ערשיינונגען און פּאסירונגען, — אזוי ארום איז אָט דער צד אין דער ליטעראטור געוואָרען דער פארטרעטער פון שונד. מען האָט דערצעהלט דעם עולם וועגען פּרינצען, גראפען, קסרים און אזוי ארום געשאפען דאָס א י נ ט ע ר ע ס א נ ט ע אויף א גאנץ אוננאטירליכען אופן.

מענדעלי און שמ"ר זיינען געווען צוויי וועלטען אין דער אידישער ליטעראטור און צווישען זיי איז אויסגעקומען דינענזאָהנען זיך אוועקצושטעלען.

אָט די צוויי וועלטען, אויפקלעהרונג און אינטערעסאנטקייט, האָבען זיך אין דינענזאָהן פאראייניגט און געשאפען א נייע.

דער קינסטלער איז ניט נאָר דער אויסדרוק פון זיין צייט נאָר אויך דער אויסדרוק פון זיין אייגענער אינדיווידואליטעט אָט די אינדיווידואליטעט איז די נייע וועלט, וועלכע דינענזאָ האָט אַן יינגעבראכט אין דער אידישער ליטעראטור.

דינענזאָהן'ס וועלט איז ד י  ו ו ע ל ט  פ ו ן  ט ר ר ע ן. אין אנפאנג פון דינענזאָהן'ס ליטעראַרישער טעטיגקיי מערקט איהר גאנץ גוט דעם איינפלוס פון אָט די צוויי דע מאָנטע שטראָמען, איהר זעהט גאנץ גוט אז דינענזאָהן קלע אויף דעם עולם אויף אַן אינטערעסאנטען אופן און איז אינט רעסאנט אויף אַן אויפקלעהרערישען אופן. זיין „שווארצ יונגערמאנטשיק" איז שונדישע השכלה אָדער השכלה'שער שונ איהר טרעפט דאָרט אַלע מעגליכע און אונמעגליכע געשעה שען און פּאסירונגען צוזאמענגעקטעלט מיט שונד־קייטען דערפיהרט צו א מאָראלישען ענד־צוועק ; דעם שווארצען גערמאנטשיק'ס ראפינירט־שלעכטע מעשים זיינען שונדיש או געטראכטע און מיט אונמאָראליטעט באפּארבטע. דאָסזעל מערקט מען אויך אין זיין „אבן נגף".

אָבער שוין די צוזאמענשמעלצונג פון השכלה און ש באקומט ביי דינענזאָהנען אַן אנדער פנים. ראשית כל זיינען איהם אידען דיזעלביגע מיוחסים, ווי אַלע אנדערע פעלקער אַלע מענשען זיינען ביי איהם דיזעלביגע מיוחסים ווי גרא און פּרינצען : אזוי ווי פון אנדערע פעלקער'ס מענשען מען שרייבען ביכער אזוי מעג מען אויך פון אידישע מענש אזוי ווי אנדערע פעלקער ליעבען, האסען, פרעהען זיך און ווי אזוי זיינן אידען אויך ; אזוי ווי גראפען און פּרינצען קענען שריבען ווערען אין ביכער אזוי קענען אַלע מענשען. דער זיינען דינענזאָהנ'ס העלדען נ אָ ר  א י ד י ש ע און ד פאר זיינען זיי אויך מייסטענס פון'ם פּראָסטען. אָרימען פ עם רייסען זיך דאָ אויף אזא'ן אופן אינדירעקט דורך די ד קראַטישע און נאציאָנאלע פּרינציפּען.

א ווייטערען שריט פאָר דער ענטוויקלונג פון דער א שער ליטעראטור האָט דינענזאָהן געמאכט דערמיט, וואָס האָט צוזעקגעשטעלט דעם יחיד. דעם איינציגען מנ״ש ווירדיג מען זאָל זיך מיט איהם אָפּגעבען אין דער אידישער ראטור. ביז דינענזאָהנען האָט נאָר דער כלל געהאט דאָס טריטס־רעכט אין דער ליטעראטור. מענדעלי איז אין גא געווען באַשעפטיגט מיט'ן כלל ישראל, ר' ישראל האָט איהם גאָר קיין פלאץ ניט געהאט. דינענזאָהן איז געווען ערשטער וואָס האָט זיך גענומען שילדערען א א י ד ע צרות און ניט ד ע ם  א י ד ע נ ס  צ ר ו ת.

אָבער ניט אין דעם אַלעמען ליגט דינענזאָהן'ס כח. געזאָגט, איז דינענזאָהן'ס וועלט די וועלט פון טרערען. שלום עליכם'ן זאָגט מען, אז ער האָט אויסגעלערנט זיין לאכען, דינענזאָהן האָט אויסגעלערנט זיין פאָלק וויינען, נ ע ן  א ו י ף  א י ד י ש.

דאָס אידישע פאָלק וויינט שוין א היבש ביסעל יאָהרע פארטרינקט יעדען „וכל מאמינים שהוא" מיט א גאנצען טרערען, אָבער עס האָט געוויינט אין העברעאיש, עס ה וויינט אויף תפלות און ניט אויף מענשליכע פּאסירונגען.

# די שפּאַלטונג אין דער אינטערנאַצ. סאָצ. באַוועגונג

פון ה. בורגין.

סאָציאַליזם איז אין דער עפּאָכע פון צווייטען אינטער־ ציאָנאַל, ביז די לעצטע יאָהרען, געווען מעהר א טעאָריע, א באַוועגונג.

א באַוועגונג פאַרדיענט איהר נאָמען, ווען זי באַוועגט זיך גאויפהערליך צו איהר צוועק און זוכט נאָר דורכצופיהרען הר דירעקטע אויפגאַבע. א ניט, איז זי ניט קיין באַוועג־ ג, נאָר א בענקעניש, א אונבאַשטימטע שטרעמונג אָדער טימונג פון געוויסע גרופּען.

א סאָציאַליסטישע באַוועגונג קען האָבען נאָר איין אויפ־ בע — די אומשטירצונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג. ביז־אַהעריגע סאָציאַליסטישע באַוועגונג אָבער איז גאָר גע־ ין אויסשליסליך געווענדעט אויף רעפאָרמען אין דער עקזיס־ ־ענדער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, — אויף א אויפ־ בע, וואָס פאָדערט גאָר ניט קיין באַוועגונג פון דוקא סאָ־ אַליסטען. סאָציאַליזם גופא, דער ענד־ציעל פון דער באַוועג־ ג, פלעגט אין פּלאַטפאָרמען פון סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, דעם פון סאָציאַליסטישע אַגיטאַטאָרס דערמאָנט ווערען פ׳ן זעלבען שטייגער, ווי אידען זאָגען צו נעילה — לשנה אה בירושלים. סאָציאַליזם אלס א רעוואָלוציאָנערע באַוועג־ ג איז געווען נאָר דער פרומער וואונש פון „פאַנאַטיקער״; מאמור פון פּראָלעטאַריאַט, קלאַסען־קאַמף א. ד. גל. פלעגען נאָר פאַראַדנע פראַזען.

די פאַרווירקליכונג פון סאָציאַליזם פלעגט מען אַוועקרוקען די צייטען פון דער ווייטער, נעבעלדיגער צוקונפט, — פון ווייטער, אז דער סאָציאַליסטישער געדאַנק פלעגט זעלטען ין אריינדרינגען. און דעריבער געפינען מיר אין דער סאָ־ אַליכטישער ליטעראַטור פאַרהעלטניסמעסיג ווייניג ווערק ווע־ פּראָבלעמען, וואָס זיינען פאַרבונדען מיט דעם איבערגאַנג קאַפּיטאַליזם צו סאָציאַליזם. מיר געפינען ווייניג אויס־ רליכע אָפּהאַנדלונגען וועגען דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט ר וועגען דעם, ווי אזוי צו פאַרווירקליכען סאָציאַליזם נאָך רעוואָלוציאָן, א. ד. גל.

גאָר פשוט: דער סאָציאַליסט האָט גאָר ביז אהער ווייניג ראַכט פון אזעלכע אַנגעלעגענהייטען. אין זיינע טעאָרע־ ־ע לאָזונגען האָט ער נאָך ניט געפונען פאַר נויטיג אריינ־ ענען א קאָנקרעטען אינהאַלט. און אויף אַלע פּראַקטישע וגען וועגען דער צוקונפט פלעגט ער האָבען א פאַרטיגען ענטפער: „תיקו״, דער סאָציאַליזם וועט שוין אַלעס צורעכט מאַכען.

אזוי ווי סאָציאַליזם פלעגט באַטראַכט ווערען פאַר א זאַך פון דער ווייטער צוקונפט, פלעגט אין דער באַוועגונג געפינען פאַר זיך פּלאַץ אויך דער קליין־בירגער: אין איהר פלעגען געהן ניט נאָר ארבייטער, נאָר אויך, אויב ניט הויפּטזעכליך, אַלערליי דעמאָקראַטישע, רעוואָלוציאָנערע עלעמענטען פון אנדערע גע־ זעלשאַפטליכע קלאַסען. דיזער פרעמדער, ניט־פּראָלעטאַרישער ערב רב האָט ביז א געוויסען גראַד פּראָסטיטואירט דעם סאָ־ ציאַליסטישען געדאַנק און האָט טעאָרעטיש באַגרינדעט און אויבען־אָן אַוועקגעשטעלט דעם אָפּאָרטוניזם און דעם רעפאָרמע־ רישען סאָציאַליזם.

דאָס ווידער, האָט געפיהרט צו דעם, וואָס די באַוועגונג פלעגט זיך אין דער ווירקליכקייט באַגנוגען מיט מלוכה־סאָציאַ־ ליזם, מיט פּאַרלאַמענטאַריזם, מיט דעמאָקראַטישע רעפאָרמען, מיט א סיר הבשר (מישטיינס געזאָגט!) פאַר׳ן ארבייטער און זיך לאָזען אָפט באַאיינפלוסען, היגרייסען פון נאַציאָנאַליזם, אימפּעריאַליזם, א. ד. גל.

די מלחמה אָבער, וועלכע האָט צוטרייסעלט טראָנען און מלוכות, האָט צושאָקעלט אויך די געביידע פון דער אינטערנאַ־ ציאָנאַלער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, צושאָקעלט ביז׳ן סאַמע פונדאַמענט. פאַרגעסען זיינען אין דער מלחמה געוואָרען אינ־ טערנאַציאָנאַלע טראַדיציעס, געטראָטען זיינען געוואָרען סאָ־ ציאַליסטישע פּרינציפּען. די אַלע לאָזונגען, ווי „פּראָלעטאַריער אַלע לענדער, פאַראייניגט אייך״, זיינען פאַרוואָרפען געוואָרען, און אנשטאַט זיי זיינען אָנגענומען געוואָרען לאָזונגען, ווי „אר־ בייטער, פאַראייניגט זיך מיט די קאַפּיטאַליסטען פון אייער לאַנד״. אנשטאַט קלאַסען־קאַמף — מיטארבייטערשאַפט פון קלאַסען, אנשטאַט קלאַסען היפּוכים — געמיינשאַפטליכע אינ־ טערעסען אין „לעשען דעם פייער״.

און פאַר דער פּראָלעטאַרישער וועלט איז געוואָרען קלאָר, אז אַן איבערשאַצונג פון די אַלטע ווערטהען איז אונפאַרמייד־ ליך. דאָס האָט צוגעגעבען אויך קאַוטסקי, דער אַנערקענטער טעאָרעטיקער פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין דער עפּאָכע פון צווייטען אינטערנאַציאָנאַל. ווי קאַוטסקי האָט פעסטגעשטעלט דורך אַן אַנאַליזע פון די פּאַסירונגען, איז די אורזאַכע פון באַנקראָט פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע — און עס פאַרשטעהט זיך, אז אויך פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון אנדערע לענדער, וואָרים איבעראַל, אין אַלע לענדער, פלעגט זי דאָך באַטראַכט ווערען אלס די טאָן־געבערין, די וועג־ווייזערין, — די אורזאַכע פון באַנקראָט פון דער דייט־ שער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, זאָגען מיר, איז געווען דאָס, וואָס דער רעפאָרמיזם, דער פּאַרלאַמענטאַריזם האָט איהר צועסען. קאַוטסקי, אַלזאָ, מיינט צו זאָגען, אז די באַוועגונג דאַרף פון יעצט אָן געהן מיט אנאַנדער וועג.

אַנאַנדער טייל פון צווייטען אינטערנאַציאָנאַל, דער פיה־ רער פון דער האָלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, טראָלסטראַ, האָט געמאַכט א טריט ווייטער און געשטעלט דעם פּינטעלע אויפ׳ן „שין״:

„די צייט פון סאָציאַלע רעפאָרמען, זאָגט ער, איז פאַר־ איבער; עס איז שוין געקומען די צייט פון סאָציאַלער רעוואָ־ לוציאָן״.

דער שפּרונג פון פּאַרלאַמענטאַריזם צו סאָציאַלער רעוואָ־ לוציאָן וואָלט אפשר באַטראַכט געוואָרען פאַר א גוזמא, ווען ניט די רוסישע רעוואָלוציאָן פון נאָוועמבער 1917, — די רעוואָלו־ ציאָן, וועלכע האָט געהאַט א שטאַרקע ווירקונג אויפ׳ן סאָציאַ־ ליסטישען געדאַנק און אויף די אויפפיהרונג פון פּראָלעטאַריאַט:

---

ואָהן האָט דאָס רחמנות־געפיהל, דאָס מיטלייד־געפיהל — ־ס פון די הויפּט־כאַראַקטער־שטריכען פון׳ם אידישען פאָלק אויסגענוצט אויפ׳ן טאָג־טעגליכען לעבען און באַוויזען, אז נאָר ביי דער מעשה פון חנה מיט איהרע זיבען זיהן קען וויינען, נאָר אויך ביי דעם ראָמאַן „יאָסעלע״.

פונקט ווי שלום עליכם׳ן האָבען אידען געלייענט און לייענען ם איצט אין כאָר, אין גאַנצע געזעלשאַפטען און אַלע לאַכען, אזוי האָט מען געלייענט און מען לייענט אויך איצט די־ ־אָהן אין גאַנצע געזעלשאַפטען און אַלע וויינען מיט.

נאַטירליך טראָגען זיך די כוואַליעס אין דינעזאָהן׳ס טרע־ ־ים פון די צוויי שטרעמונגען אין זיין צייט: אינטערע־ ־טקייט און אויפקלערונג. אויך אין „יאָסעלע״ האָבען די י ריכטונגען זייער חלק, אָבער דינעזאָהן׳ס אינדיווידואַלי־ פיהלט זיך דאָרט שטאַרקער ווי אין אַלע אנדערע זיינע ען. — מען זעהט דעם ים פון טרערען און עס ווערט קלאָר, ־ינעזאָהן האָט אויסגעלערנט דעם עולם וויינען אויף אידיש.

זי האט געעפענט נייע פערספעקטיוועז און האט געוויזען סאָ־ציאַליזם, אין אַקציאָן, אין רעגולען קאַמף מיט דער עקזיסטירענ־דער אָרדנונג. דיזע רעוואָלוציאָן האָט פאַר דער סאָציאַליס־טישער וועלט אָפען און קלאָר געשטעלט די ברירה: סאָציאַלע רעוואָלוציאָן אָדער בורזשואַזע דעמאָקראַטיע.

די באָלשעוויסטישע איבערקערעניש אין רוסלאַנד האָט געמאכט אַ איבערקעהרעניש אין סאָציאַלע מוחות. אויב פרי־הער פּלעגט דער סאָציאַליסט באטראַכטען סאָציאַליזם אלס אַ אידעאַל פון דער וייטער צוקונפט, קוקען שוין אויף איהם מאַ־סען סאָציאַליסטען, ווי אויף אַ פּראָבלעמע פון דער געגענוואַרט אָדער, אַם ווענינגסטען, פון דער נאָהענטער צוקונפט; אויב פרי־הער איז דער סאָציאַליזם פאַר איהם געווען אַ מיסטישער „תיקו", האָט ער יעצט אין זיינע אויגען געקראָגען אַ באַדייטונג פון אַ פּראַקטישען לאָזונג; אויב ער האָט ביז יעצט געדענקט אין די ראַמען פון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע, דענקט ער שוין יעצט, — ווי מען דריקט זיך אין ענגליש אויס, — אין באַגריפע פון רעוואָלוציאָן.

מען דאַרף אָבער ניט פאַרגעסען, אַז די סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז ניט קיין איינהייטליכע. מיר האָבען שוין אָנגעווי[…] זען אויף די אנוועזענהייט פון אַ ערב רב אין איהרע רייהען: אויסער פּראָלעטאַרישע און פּראָלעטאַריש־בענקענדע, ענטהאַלט[…] זי איבעראַל אויך קליין־בירגערליכע און בורזשואַזי־דענקענדע[…] עלעמענטען, דערצו נאָך אַזעלכע, וואָס זיינען צו איהר געקומע[…] מיט פאַרשידענע וועגען און געפינען זיך אונטער פאַרשידענ[…] איינפלוסען. און עס איז דאריבער נאַטירליך, וואָס די איבער[…] שאַצונג פון ווערטהען האָט כמעט אין יעדען לאַנד פאַראורזאַכ[…] אַ שפּאַלטונג אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. כמעט אי[…] יעדער לאַנד האָט זיך די באַוועגונג צוברעקעלט, צושפּאַלטען אי[…] פאַרשידענע, נאַטירליכע ריכטונגען.

כל זמן די פאַרשידענע ריכטונגען זיינען געווען אין [...] „עמבריאָנעלען" צושטאַנד, האָבען זיי זיך געהאַלטען צוזאַמע[…] אָבער יעצט, ווען „זיי האָבען געפונען זיך זעלבסט", — ווי [...] פילאָזאָף וואָלט זיך אויסגעדריקט, — זיינען זיי שוין געוואָר[…] ווייט און כמעט פרעמד איינע צו די אַנדערע: צו ווייט איינ[…] פון די אַנדערע זיינען זייערע סאָציאַלע פונדאַמענטען, זייער[…] גרונד־פּרינציפּען, זייער טאַקטיק און זייערע באַלדיגע אויפגאַבע[…]

מ. לוניאַנסקי

# דער שווינדזיכטיגער

(פון דער סעריע „אין סאַניטאַריום")

ער ליגט אין בעט, הוסט און שפּייט, קוקט אין טיעפען
בלויען הימעל

און עס פינקלען זיינע דונקעל ברוינע אויגען.
אפשר זעהט ער אין דער בלויער טיעפעניש זיך אָפּשפּיגלען
די בילדער

ווען געזונד און שעהן ער איז געווען;
אָך, אָט די צויבער־בילדער טוט ער אפשר איצטער זעהן
אין דעם טיעפען בלויען הימעל.
צו וואַרעמט גאָר די מיטאָג־זון זיין אויסגעדאַרטע ברוסט
און גיסט אָן מיט האָפענונג זיין שוואַכע, קראַנקע ברוסט,
די זון אין בלויען הימעל.
אין טיעפען בלויען הימעל.

ער ליגט אין בעט, הוסט און שפּייט, קוקט אין טיעפען
גרויען הימעל

און עס דונקלען זיינע דונקעל ברוינע אויגען.
אפשר זעהט ער אין דער גרויער טיעפעניש זיך אָפּשפּיגלען
די בילדער

ווען האָפנונגסלאָז גאָר ער איז געווען;
אָך, אָט די שוידער־בילדער טוט ער אפשר איצטער זע[…]
אין דעם טיעפען גרויען הימעל.
צו פרעסט גאָר דער שוואַרצער וואָלקען אויף זיין
איינגעשרומפּטער ברו[…]
און גיסט אָן מיט פאַרצווייפלונג זיין שוואַכע, קראַנקע[…]
ברו[…]

ד'וואָלקען אין גרויען הימעל,
אין טיעפען גרויען הימעל.

ער ליגט אין בעט, שפּייט און הוסט, און מאָלט זיך בילד[…]
נאָך דער צי[…]

שיינט די זון:
איז פול זיין ברוסט מיט האָפנונג און גלויבען.
גרויט ד'הימעל:
איז קורץ זיין אָטעם, ווי שוואַך זיין ברוסט,
און עס דונקלען זיינע דונקעל,
אַ דונקעל ברוינע אויגען.

דזשעני די שוכפּאַקערין
אין ראָזענוואַסער'ס שאַפּ

# „אָווערטיים"

ווען איך און מיין אינגלע ריידען זיך אָפּ
צו טרעפען זיך זעקס אוהר אין פּאַרק,
דאַן געהט שוין מיין אַרבייט פון זייגער פיער אָן
פאַרשלאָפען געצוואונגען און קאַרג.

איך קוק אויפ'ן זייגער און צעהל די מינוט
מיין קאָפּ איז שוין מעהר ניט אין שאָפּ;
דער שוך און דאָס קעסטעלע פאַלען אַראָפּ,
און מיך די מאַשין גיט אַ קלאַפּ.

איך קוק אויפ'ן זייגער און צעהל די מינוט
און דענק פון מיין קינד שטילערהייד;
שטאָט פאַרטיג צו מאַכען אַ קעסטעל מיט שיך
צערייסט די מאַשין מיר מיין קלייד.

איך קוק אויפ'ן זייגער און צעהל די מינוט
אה, זייגער, דו ביזט אַזוי פויל!
איך דענק פון ליעבענדען קוש פון מיין קינד
און שטעה מיט אַן אָנגעגרייט מויל.

און ענדליך, אָט ענדליך עס שלאָגט זייגער פינף
איינס, צוויי — מיין מאַשין איז פאַרמאַכט,
נאָר פּלוצלונג דערהערט זיך דעם פאָרמאַנס באַפעהל[…]
היינט אַרבייט מען ביז זייגער אַכט! —

# די פרוי און די וואַהלען

דר. אסתר לוריע

אין דער וועסט, אין ענדע אויגוסט, איז פאַרגעקומען א אָנפערענץ פון די סאפרעדזש פארטיי און די גאָווערנאָרס. יי'ן צוזאַמענפאָהר אין סאלט לייק סיטי זיינען געווען פאַר־ ראָטען 19 גאָווערנאָרס: די רעפּובליקאַנער, פון וועלכע 5 זיי־ ען געוועזען פון די סטייטס, וועלכע האָבען ראַטיפיצירט דעם מענדמענט צו דער קאָנסטיטושאָן וועגען פרויען רעכטע. 6 דע־ אָקראַטען, פון וועלכע 3 זיינען געווען פון די סטייטס, וועלכע אָבען ראַטיפיצירט דעם אַמענדמענט. דער ציעל פון דער קאָנ־ ערענץ איז צו ווירקען, אַז ביז די וואַהלען פון פּרעזידענט אין 192טען יאָהר זאָל די גאַנצע מאַשין זיין פאַרטיג, ד. ה. אַז ביז ענער צייט זאָלען אַלע סטייטס ראַטיפיצירען דעם אַמענדמענט. י סאָפרעדזש פארטיי איז שטאַרק פאַראינטערעסירט אינ'ם מענדמענט און ארבייט ענערגיש אויף דיעזען געביעט, און האָט יך פיעל אויפגעטאָן. 15 סטייטס האָבען ראַטיפיצירט דעם מענדמענט. פיעלע סטייטס האָבען צוזאַמענגערופען ספּעציעלע עסיאָנען צו'ליעב ראַטיפיצירען דעם אַמענדמענט.

וואָס די סאפרעדזש פארטיי איז פאַראינטערעסירט איז, ז ביז'ן קומענדיגען יאָהר זאָל די גאַנצע מאַשין זיין פאַרטיג, יז זעלבסטפאַרשטענדליך. עס איז אָבער די פראַגע, וואָס איי־ ען זיך אזוי די רעפּובליקאַנער און אויך די דעמאָקראַטען, און אָס זיינען זייערע פאַרשטעהער אַזוי פאַראינטערעסירט אין'ם מענדמענט? דאָס איז אָבער זעלבסטפאַרשטענדליך. די סאָפ־ רעדזש פארטיי ערקלעהרט אפילו, אַז זי וועט ניט צושטעהן ניט די רעפּובליקאַנער, ניט צו די דעמאָקראַטען, אַז זי וועט ינדען אַ זעלבסטשטענדיגע פאַרטיי. ערשטענס, איז דאָס ניט נץ ריכטיג, ווייל די סאפרעדזש פארטיי חבר'ט זיך מיט די פּובליקאַנער און קאָנפערירט צוזאַמען. זי שטויסט אויך ניט די דעמאָקראַטען. אויב זי וואַקעלט זיך אָבער אָפיציעל צו־ שטעהן צו דער אָדער יענער עקזיסטירענדער פאַרטיי איז דאָס ליעב צוויי אורזאַכען: ערשטענס, ווייל זי דורכפיהרען איהר אָגראַם, אין וועלכען פרויען רעכטע שפּיעלען אַ ראָלע, צוויי־ נס, ווייל זי האָט ערפאַהרונג, אַז די פאַרטייען נעהמען גערן די הילף פון די פרויען פאַרטייען, זאָגען איהר צו גליקען, פיה־ ן אָבער די פאַרשפּרעכונגען ניט אויס.

די עקזיסטירענדע פאַרטייען זיינען שטאַרק פאַראינטערע־ רט אין ראַטיפיצירען דעם אַמענדמענט, ווייל זיי זיינען זיכער, די פרויען וועלען געהן מיט זיי האַנד אין האַנד, אָפּגעזעהן דעם צי זיי וועלען צו זיי צושטעהן אָדער ניט. זייער זיכער־ יט איז געשטיצט אויף די האַנדלונגען פון דער סאפרעדזש רטיי. מיר וועלען זיך אָפּשטעלען אויף די פראַגען, וועלכע די רטיי האָט געשיקט צו די פאַרשידענע קאַנדידאַטען. מיר וועל־ ן זיך צוקוקען בלויז צו די וויכטיגסטע פראַגען: 3) גלייכע ידזשעס פאַר גלייכע ארבייט פאַר פרויען און מענער, איז אָפּ־ ניג פון באַשעפטיגונג, ניט פון געשלעכט. 4) גרינדונג פון מינימום וויידזש קאָמישאָן מיט פאַרשטעהער פון ארבייט־ בער און ארבייטער, — פרויען און מענער? 5) אַן 8 שטונדי־ ן טאָג פאַר פרויען און מענער אין אינדוסטריע?

7) אַן אַמענדמענט צו דער סטייט קאָנסטיטוציאָן וועגען והל־רעכטע פאַר די בלויז, וואָס קענען לעזען און שרייבען ענג־ ש?

8) דער צוואַנג לערנען אין סקול זאָל דויערען ביז 6 יאָהר?

9) פאַרניכטען די פארטיי עמבלעמען אויף די באַלאָטס?

די פראַגען, וועלכע בילדען דעם פּראָגראַם פון דער פארטיי זיינען זעהר כאַראַקטעריסטיש פאַר אַן „אונפּאַרטייאישער" אָר־ גאַניזאַציע. דאָ איז אַ מיש־מאַש פון ליבעראַליזם און קאָנסער־ וואַטיזם. אין דיזען מיש־מאַש זעהט מען אָבער ארויס דייטליך די פיזיאָנאָמיע פון דער סאפרעדזש פארטיי. זי איז אַ פרויען פארטיי, דערפאַר פאָדערט זי געוויסע רעפאָרמען פאַר פרויען. אויך פאַר ארבייטער־פרויען מוז זי ארויסשטעלען פאָדערונגען, כדי צוצוציהען שטימען, אפשר מיינט אָבער די פארטיי ערנסט מיט דיזע פאָדערונגען? אָבער וואָס באַדייטעט דער פּונקט וועגען שטימרעכט פאַר די בלויז, וואָס קענען לעזען און שרייבען ענגליש? דאָס הייסט, ניט דערלאָזען צום בענקעל די ארבייטער אימיגראַנטען. דאָס איז וויכטיג, ווייל זיי זיינען בונטאָווטשי־ קעס, ווייל זיי קענען נאָך פאַרגרעסערען די צאָהל פון די סאָציאַ־ ליסטישע שטימען, און דאָס מאַכט אונז צום צווייפלען אין ערנסטקייט פון די פאָדערונגען פאַר ארבייטערינס.

קיין אונפּאַרטייאישע אָרגאַניזאַציע עקזיסטירט ניט. עס עק־ זיסטירט בלויז אַ פארטיי מיט פעסטע פּרינציפּען און אַ פארטיי, וואָס וואַקעלט זיך און האָט ניט קיין פעסטען באָדען אונטער זיך, צו אַזאַ אָרגאַניזאַציע געהערט די סאפרעדזש פארטיי. און צו־ ליעב דעם קומט זי ארויס מיט אַזעלכע אונפּרינציפּיעלע פאָדע־ רונגען, ווי אָבליגאַטאָרישער לערנען ביז 16 יאָהר. דיזע פאָ־ דערונגען וואָלטען געווען אם פּלאַץ מיט אַ רייהע אַנדערע פאָ־ דערונגען, ווי באַזאָרגען די סקוהל־קינדער מיט דאָס וויכטיגסטע, וויידזשעס, וועלכע זאָלען גאַראַנטירען דעם ארבייטער אַן אַנ־ שטענדיגען לעבען פאַר איהם און זיין פאַמיליע, אָהן דיזע פּונק־ טען איז די פאָדערונג לעכערליך.

ווי מיר זאָלען זיך ניט באַציהען צו דער סאפרעדזש פארטיי, איין זאַך מוזען מיר צוגעבען, זי האָט אַ גוט אָרגאַניזירטען אַפּאַ־ ראַט, ארבייט טיכטיג. זי איז אויך שטאַרק אין איין פּונקט. זי עקזיסטירט שוין ביי 70 יאָהר, האָט אַ גרויסע און גוט אָר־ גאַניזירטע אַרמיי. דערפאַר קען זי רעכענען אויף אַ גרויסע צאָהל שטימען, וואָס איז אויך דער פאַל. אַזוי האָבען די פרויען אין טענעסי געשטימט אין אַ סך אַ גרעסערער צאָהל ווי די מענער. אין אייניגע דיסטריקטען איז די צאָהל געווען דריי מאָל אַזוי גרויס.

די סאָציאַליסטישע פארטיי געפינט זיך אין אַ גאַנץ אַנ־ דער לאַגע. איהרע שטימער זיינען ארבייטער, וועמעס פרויען זיי־ נען פאַרהאָרעוועט אין הויז און אָפּגעשטאַנען פון לעבען. די אר־ בייטער מיידלאַך זיינען ווייניגער אָרגאַניזירט פאַר'ן מאַן און זיי־ נען אויך ווייטער פון איהם פאַר שטימען. דערפאַר קען די סאָ־ ציאַליסטישע פארטיי ניט האָפען, אַז פרויען וועלען פאַרגרעסע־ רען שטאַרק איהר צאָהל שטימען, פּראָפּאָרציאָנעל צו אַנדערע פארטייען געוויס ניט. די סאָציאַליסטישע פארטיי האָט דאָס געוואוסט און האָט געארבייט פאַר פרויען־שטימרעכט, ווייל זי איז געגען יעדער אונטערדריקונג, אפילו דאַן ווען זי קען פון דעם מאָמענטאַל גאָר ניט געווינען, מאָמענטאַל, ווייל עס וועט קומען אַ צייט, ווען אויך די ארבייטערין וועט ווערען אויפגע־ קלערטער.

אויב דעניקין קען בעסער די מלאָכה פון אויסראָטען באַל־ עוויקעס פאַר קאָלטשאַק'ען, זאָל ער ווערען געזאַלבט פאַר יח. הורא פאַר דעם גאַלאַנטען, קאָזאַצקען אַטאַמאַן!

* * *

די אַטאַמאַנען גאַנטהע און כמעלניצקי, פון דעם זיבעצענטען רהונדערט מוזען יעצט מסתמא בלאַס ווערען אין זייערע קברים שאַנדע, וואָס זייערע אייניקלאַך אין דעם צוואַנציגסטען יאָהר־ דערט טוען.

אַז אייער פרוי קלייבט זיך שוין צו שטימען אין עלעקשאָן־טאָג פאַרוואָס זעהט איהר אויך נישט, אַז זי זאָל קענען שטימען אין אייער ברענטש? זעהט, אַז זי זאָל ווערען אַ מעמבער.

* * *

אויב פאַר אייך איז אַזוי שווער די ארבייט פון ארויסצונעמען די בירגער־פּאַפּירען און ווערען אַ בירגער — אפשר. וואָלט איהר גאָר געעפענט אַ באַנק. איהר וואָלט געהאַט גאָר אַ גרינגע מלאכה און איהר וואָלט דאַן אויך דאַרפען „פּייפּערס" אויף טויזענד כפּרות...

ז. שער.

# שקץ תשקצנו

(מלחמה בילד)

גערופען האָט מען איהם בראון, און געקומען איז ער פון סיראַקיוז.

אין גאנצען איז ער אלט געווען נײַנצעהן יאָהר, און האָט שוין געדינט דעם פערטען יאהר אין דער ארמעי.

נאָר קיין סך, אין ווירקליכען דינסט, איז ער ניט גע־וועזן. ער איז מעהר ווי דריי חלקים פון דער צייט אפּגעזע־סען אין גאַרדהויז פאר פארשיעדענע פארברעכענס.

— זאָג מיר גאָר, שוין אזוי לאנג אין דער ארמיי און נאָך אלץ א „באָר” פּרייוועט; האָסט זיך שוין ניט געקענט ארויפ־ארבייטען אויף סטרייפּס?... — האָב איך איהם אמאָל גענומען קיביצען.

— איך גיב ניט פאר דעם א „דהעם טהינג”, איך האָב שוין לאנג געקענט זיין א סארדזשענט.

— נאָר וואס?

— נאָר אויף וואס איז דאָ א היים אויף דער וועלט?... און מיינסטו איך בין שוין ניט געווען קארפּאראל? נו, האָב איך זיך אָנגעטרונקען און גוד־ביי סטרייפּס... באָט הו טו העלל קעהרס!...

אָט פון דעם מין סאָלדזשערס איז בראון געווען.

פון דעם אָפּפאל, פון דעם אויפ'ן „דעק” מענשען.

איך האָב זיך מיט איהם צום ערשטען מאָל באַקענט דאָ אין קעמפּ, ווען מיר זיינען אמאָל ביידע געשטאנען אויף גארד. ער שוין אַן אלטער סאלדאט, און איך נאָך א רעקרוט, און ער האָט מיר אלעס אָנגעגעבען.

— אז דו וועסט זעהן אימיצען נאָהענט, הייס איהם שטעהן, וועט ער ניט פאָלגען דאַן פול דהי טריגער, און גוד ביי. ער וועט שוין דעם נעקסטען ברעקפעסט ניט עסען....

ער האָט עס זיך אפּגעזאָגט קאלט, רוהיג, גלייכגילטיג, און זיך צולאכט ווילד, רויה, און דערביי געוויזען א מויל ווייסע וואָלפישע ציינער.

— האָסט געהערט, בראון — האָב איך אין א ווײַלע שפּעטער זיך אפּגערופען — ס'געהען ארום קלאנגען, אז ס'איז דאָ אָרדערס אונזער רעגימענט זאָל געהן נאך פראנקרייך?...

— איך האָף אז ס'איז אמת.

— וואס? דו ביזט טאקע אזוי ענקשיאס צו זיין ביים פראָנט?

— הא, רזשי! איך וואלט שוין געוואלט האָבען דעם פּלעזשור צו דערשטעכען א פּאר דזשערים. יו נאָ, איך וואלט זיי געפאנגען קיינמאָל ניט גענומען. דערשאָסען די בעסטיעס אזוי ווי די הינד...

איך האָב דערזעהן מיט וועמען איך האָב דאָ צו טאָן, פון וואס פאר אן עלעמענט ער איז און האָב זיך מיט איהם אין ווייטערע דרכים ניט אריינגעלאָזען.

---

מיר זיינען צום ערשטען מאָל געגאנגען „אָווער דהי טאָפּ.”

א פריהער א גאנצע נאכט האָבען די ארטילערי און טענקס געפייערט, געהינומט מיט פייער אויסגעשפּיגען פון זייערע מייַ־לער... נאָכדעם האָט מען אונז, די אינפענטרי, געהייסען אר־ווענסען.

מיר געהען, און געהען, און געהען, איבער ברייטע, מי[...]
ווילדע, גרויסע גראזען באוואקסענע פעלדער. אָט געהען מי[...]
שטיל, שטיל אויף די שפּיץ פינגער, ווי נאכט גנבים, נאָכדע[...]
נידעריג, נידעריג ביי דער ערד איינגעבויגען, ווי ווערים קרי[...]
כען מיר, און דאָ מיט אמאָל, מיט געשרייען לויפען מיר, לוי[...]
פען מיר, שפּרינגען אריבער גראבענס, קריכען ארויף באר[...]
אראָפּ בארג, אָט זיינען מיר שוין לעבען א צאם פון דייטש[...]
טרענטש־דראָטען... איבערגעשניטען די דראָטען און ווייטער גע[...]
גאנגען, ווייטער אזוי שטיל, שטיל אויף די שפּיץ פינגער איינ[...]
געבויגען, מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם... פּרובען שטעכען מי[...]
די באַיאָנעטען אין יעדען גרוב, אין יעדען קוסטארניק, טאָמע[...]
ליגט א דייטש פארבאהאלטען און וועט אויף אונז פון הינטע[...]
שיסען... נאָר מען זעהט קיינעם ניט, מען הערט קיינעם ני[...]
ס'איז שאַ־שטיל, מען הערט ניט אפילו קיין איינציגען שא[...]
פון שונא'ס זייט.

ניטאָ, אזוי ווי אויסגעשטארבען די דייטשע ארמיי.

נאָר פּלוצלונג א טומעל, אן אויפרעגונג, געשרייען: „היער[...]
היער! באַשעם!... באַשעם!...” און פיער דייטשען בלייכ[...]
ציטערנדיגע, אויסגעמאטערטע, אפּגעריסענע, ליגען ערגעץ צוו[...]
שען די קוסטען פארבאהאלטען. קיין געוועהר האָבען זיי ני[...]
האָבען זיך אויסבאהאלטען מיט'ן צוועק געפאנגען צו ווערען[...]

דערזעהן אונז נאָהנט, שפּרינגען זיי אויף מיט אויפגעהו[...]
בענע הענד, שרייען אויס „קאמעראד”, און לויפען אונז אנ[...]
קעגען.

און מיט אמאָל אויגענבליקליך, אין אויפרעגונג, אין כ[...]
מעל, שפּרינגט ארויס בראון, זיינע אויגען ווילד און אָנג[...]
צונדען, שרייט אויס: „קהיל דעהם בעסטיעס!”... און טרא[...]
טראך!... און איינער פון די פיער דייטשען — וועלכע, דע[...]
מאָנענדיג זיך פיליכט אָן זייערע ליעבע און נאָהענטע, האָב[...]
דורך געפאנגשאפט געזוכט זייער לעבען צו רעטען — איז מ[...]
א געשריי טויט אנידערגעפאלען.

ווען ניט די איבעריגע „באָיעס” וועלכע האָבען בראון'ען א[...]
געהאלטען וואלט ער זיכער אלעמען דערשאסען...

— א ווילדע חיה אין מענשען געשטאלט — האָט צו מ[...]
אין אידיש, מיט צוזאמענגעדריקטע צייהן מיין פריינד, פרי[...]
וועט ק., זיך אָפּגערופען.

---

ביי דער נאכט.

דער שונא איז געווען ווייט פארטריבען, די שלאכטען ה[...]
בען אויפגעהערט, זיינען מיר, א דיטייל, ארויסגעשיקט געוו[...]
רען אויפצוקלייבען די טויטע און פארוואונדעטע.

אין דעם דיטייל זיינען אויך איך און מיין פריינד ק. ג[...]
ווען.

צווישען די טויטע האָבען מיר דערזעהן בראונ'ען....
שטיק שראַפּנעל האָט איהם אין בויך געטראָפען און די [...]
דערים אַרויסגעשלעפּט.

אז מיר האָבען איהם גענומען ארויפלייגען אויפ'ן סטר[...]
טשער האָב איך זיך אָפּגערופען:

— א לעבען פאר א לעבען....

— שקץ תשקצנו... — האָט מיין פריינד ק., א פאר[...]
טערטער, ווי צווישען די צייהן ארויסגעמורמעלט...

---

אַזוי, אַזוי, הער נאָסקע, די אייגענע האָבען זיך שוין א ו י ך אָנגעהויבען צו בריקענען. אפשר גאָר א פּלאַן צו פּאַרזאָרגען זיך שוין מיט אַ האָלענדישער ווילאַ?

* * *

איהר וועט נישט זיין ווייט פון אמת, ווען איהר וועט באַהויפּ־טען, אז נאָך „לא תרצח” איז „לא תסיג גבול רעך” דער געבאָט, וואס ווערט אַזוי שטאַרק אָפּגעהיט...

און אונזער ווילסאָן האַלט נאָך אַלץ אין איין איבער'חזר'ן, מ'האָט געמאַכט די וועלט זיכער פאַר דעמאָקראַטיע. ער וועט ש[...]
מסתמא באלד אליין אויך אָנהויבען צו גלויבען אין דעם.

* * *

הלואי זאָלט איהר ק י י נ מ אָ ל פון דעם נישט הנאה האָב[...]
אָבער וואָס ווייסט איהר, קען פאַר אייך טאָן דער אָ. ר. סאַניטאַרי[...]
ווען איהר זאָלט איהם חלילה אַמאָל דאַרפען!

# די לייבאָר ליעג קאָנווענשאָן

אב. עפשטיין.

דער לייבאר ליעג, אונזער שוועסטער ארגאניזאציאן, האט היינטיגען יאהר אפגעהאלטען איהר צעהנטע יעהרליכע יובילעאום קאנווענשאן אין מאלדען, מאסס., א פאר־שטאדט פון באסטאן, דעם 29טען, 30טען און 31טען אויג. און 1טען סעפטעמבער. איך האב געהאט די גרויסע עהרע אנוועזענד צו זיין אלס פארטרעטער פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע פון א. ר. און וואלט איך ניט געוועזן באקאנט מיט דער גאנצער מאסס. פראבלעם, מיט די אלע אומשטענדען און אורזאכען וואס האבען ארויסגערופען דעם לייבאר ליעג צום לעבען, וואלט איך זיכער געשטעלט די פראגע: וואצו די גאנצע געשיכטע? וואצו די גאנצע קאנווענשאן? אן עהנליכע קאנווענשאן איז דאך ערשט אין מאנאט מאי אפגעהאלטען געווארען אין דעטראיט.אין פיעלע מאמענטען האבען איך ווירקליך פארגעסען אז איך געפין זיך ביים לייבאר ליעג קאנווענשאן. איך האב איינינע מאל איבערטראטען די רעכטע פון א פראטוירנאל דעלעגאט און האב זיך ערלויבט צו האנדלען און אנטייל צו נעהמען אין געוויסע פראגען, מיינענדיג אז איך געפין זיך ביי דער קאנווענשאן פון א. ר. וואו איך בין געוועהנליך אקטיוו.

די גאנצע קאנווענשאן, אלע איינריכטונגען, וואס באשעהנען און באַרייכערען א קאנווענשאן, די גאנצע אטמאספערע, אפילו די „פאינטס אוו ארדער“, איז בוכשטעבליך געוועזן א קאפיע, נאטירליך אין מיניאטור, פון דער ארבייטער רינג קאנווענשאן. דיזעלבע באגייסטערונג פון אלע דעלעגאטען פאר דעם ארבייטער רינג; די זעלבע פריינדשאפט און איבערגעבענהייט צווישען די דעלעגאטען; דיזעלבע דעבאטען און רעזאלוציאנען; מיט דעם זעלבען פייער, מיט דעם זעלבען ברען און ליידענשאפט ווערען די פראגען באהאנדעלט. מיט איין ווארט די גאנצע קאנווענשאן איז געוועזן א פארטזעצונג פון דער ארבייט רינג קאנווענשאן.

דער נאמען לייבאר ליעג איז איבערהויפט זעהר וועניג וואס דערמאנט געווארען. עס ערקלערט זיך דערמיט, וואס אלע דעלעגאטען זיינען געוועזן דורכגעדרונגען מיט איין גרויסען געדאנק, מיט איין הייליגען וואונש, אז דער ארבייטער רינג זאל ווערען לעגאל אין מאסאטשוסעטס סטייט און דער לייבאר ליעג זאל זיך קענען פארשמעלצען מיט'ן ארבייטער רינג. דער נאציאנאלער טשערמאן פריינד האבמילאוויטש, ביי זיין ערעפנונגס רעדע האט ערקלערט: „אבוואהל מיר האלטען אפ אונזער צעהנטע קאנווענשאן, דאך באטראכטען מיר ניט די קאנווענשאן אלס א יובילעאום קאנווענשאן, ווייל מיר האלטען ניט דעם לייבאר ליעג פאר א פערמאנענטע ארגאניזאציאן. דער לייבאר ליעג איז בלויז צייטווייליג ביז דער א. ר. וועט ווערען געזעצליך אין אונזער סטייט“.

די גרעסטע צאהל דעלעגאטען ביי פארשידענע געלעגענהייטען האבען געענדיגט זייערע רעדעס: „אונזער הייליגסטער וואונש איז: „איין א. ר. אין אמעריקא“. דיזע פראזע איז די פאפולערסטע צווישען די מיטגלידער פון לייבאר ליעג און ווערט צו יעדער צייט, ווען זי ווערט נאר אויסגעדריקט, זעהר שטארק אפלאדירט. די אראנזשמענט קאמיטע פון דריי מאלדענער מיטגלידער, וואס פארדיענען א גרויסען דאנק און פיעל אנערקענונג פאר זייער גוטער ארבייט, האבען ווארשיינליך מורא געהאט, אז מאנכע דעלעגאטען וועלען פארגעסען אן דער געוויסער פראזע, האבען זיי באזארגט א גאנץ גרויסען סיין אויף דער פלאטפארמע אין רויטע בוכשטאבען: „א י י ן א. ר. א י ן א מ ע ר י ק א“.

אין אלגעמיין האט די קאנווענשאן ניט אויפגעטאן קיין וואונדער, האט ניט איבערגעקערט קיין וועלטען, האט ניט געשאפען קיין נייע רעפארמען. אלץ איז כמעט געבליבען ביים אלטען, ווייל אן ארגאניזאציאן, וואס עקזיסטירט שוין צעהן יאהר קען יעדען יאהר ניט שאפען קיין נייעסען, און אויב מיר שאצען אפ א קאנווענשאן לויט די קאנסטרוקטיווע ארבייט וואס זי האט אויפגעטאן, מוזען מיר קומען צום שלוס, אז די לעצטע לייבאר ליעג קאנווענשאן איז ניט געוועזן קיין גרויסער ערפאלג. נאר אויב מיר באטראכטען א קאנווענשאן פון דעם שטאנדפונקט פון דעמאנסטראציע ביי וועלכען די ארגאניזאציאן דעמאנסטרירט איהרע מאראלע כוחות, איז די קאנווענשאן געוועזן מעהר ווי א גרויסער ערפאלג. די צוויי אבענדען, פרייטאג אבענד, די ערעפנונג פון קאנווענשאן, און זונטאג אבענד, דער קאנצערט און מאססמיטינג, וועלען בלייבען לאנג, לאנג פריש אין זכרון פון די אלע וואס האבען זיי בייגעוואהנט. דאס זיינען געוועזן אמת שעהנע הערליכע אבענדען, וואס לאזען זיך ניט פארגעסען. א גרויסער פראכטפול־שעהנער ליכטיגער האל, איבערפילט ביז אין די קארידארען מיט מענער און פרויען, מעמבערס פון לייבאר ליעג און זייערע פריינדע. די שטימונג א געהויבענע, אן אמת יום־טוב'דיגע. אלעמענס אויגען שיינען פון גליק און באגייסטערונג, הערען זיך צו מיט גרויס אויפמערקזאמקייט צו די רעדנער, פארטרעטער פון פארשידענע ארבייטער און ראדיקאלע ארגאניזאציאנען, און פארטרעטער פון ארבייטער רינג און אפלאדירען מיט גרויס באגייסטערונג יעדען ראדיקאלען געדאנק וואס ווערט אויסגעדריקט פון רעדנער. רעדעס זיינען דארט געהאלטען געווארען אמת פייערדיגע, ווי עס פאסט פאר אזא לינקע שטאט ווי באסטאן. עס מוז אויך באמערקט ווערען, אז ניט וועניג האט בייגעטראגען צום ערפאלג פון קאנווענשאן דער דריטער אבענד, דער שבת'דיגער באנקעט־אבענד, אז אפילו פריינד באקסט, דער גרויסער ארבייטער רינג קיבעצער, וועלכער איז, פון דער נאטור א הומאריסט, א סאטיריקער, און שטענדיגער טאוסט־מאסטער ביי די לייבאר ליעג באנקעטען, איז געוועזן אזוי באהערשט און באזעעלט מיט דער ארומיגער שטימונג, אז ער האט זיך ווירקליך איבערטראפען מיט זיין ערנסט ווארימער און רעוואלוציאנערער רעדע.

אום די לעזער פון „פריינד“ זאלען ניט בלייבען אונטער דעם איינדרוק, אז די גאנצע אקטיוויטעט פון קאנווענשאן האט זיך קאנצענטרירט ארום די דריי אבענדען, וועל איך אין קורצען איבערגעבען איניגע אינצידענטען וואס זיינען נאך געבליבען פריש אין מיין זכרון און פארדיענען אונזער אויפמערקזאמקייט.

דער נאציאנאלער טשערמאן האט אן אייזערנע געדולד און גיט איבער א באריכט פון דער אקטיוויטעט פון אלע זייערע ברענטשעס. צווישען אנדערעס איז זעהר וויכטיג דער טייל פון זיין באריכט, ווי אלע ל. ל. ברענטשעס זיינען זעהר שטארק טעטיג אויף דעם געביט פון בויען לייבאר לייסעאומס און שאפען קאאפעראטיוון. פיעלע פון זיי, אין גאנץ קליינע שטעטלאך, האבען שוין גאנץ ערפאלגרייכע קאאפעראטיווע בעקערייען. אין א פאר שטעט האבען זייערע קאאפעראטיוון פשוט ארויסגעטריבען די פריוואטע בעקערייען פון טרייד. זאל דער פאקט דיענען פאר א גוטען ביישפיעל אונזערע ארבייטער רינג קאאפערייטארס. ניט וועניגער איז אויך געוועזן וויכטיג דער באריכט פון זייער גענעראל סעקרעטער פריינד יאנאס. ער האט באוויזען שווארץ אויף ווייס, אז אבוואהל דער לייבאר ליעג האט לעצטען יאהר דורכגעמאכט זעהר שלעכטע צייטען צוליעב די שרעקליכע מגפה, וואס האט פון זייערע רייהען ארויסגעריסען צעהנדליגע מעמבערס, דאך זייענען זייערע פאנדס כמעט ווי ניט גערירט געווארען. זיי האבען גרויסע סורפלוסען אין ביידע פאנדס, סאי אין טויטען־בענעפיט פאנד, און סאי אין קראנקען בענעפיט פאנד. מיט רעכט האט פריינד יאנאס געזאגט: „מיר מעגען זיך גראטולירען, אונזערע פאנדס זיינען גאנץ, געזיכערט. מיר דארפען זיך ניט טעקסען, ווי אנדערע טוען עס.“

ריידענדיג וועגען טעקסען, דערמאָן איך זיך, אז א טעקס פון 5 סענט אויף אַלע מעמבערס איז יאַ באשלאָסען געוואָרען, אָבער ניט פאַר בענעפיטס צוועקען, נאָר פאר קולטורעלער טעטיגקייט. איך מוז זאָגען, אז די פראגע פון קולטורעלער ערציהונג פאר מעמבערס האָט אייפ'ן קאָנווענשאָן פארנומען א גאנץ בכבוד'יגען פלאץ.

צום שלום וויל איך דערמאָנען א געוויסען אינצידענט וואָס האָט אויף מיר געמאכט א באזונדער גוטען איינדרוק. די רעזאָלוציאָנס קאָמיטע וואָס איז באשטאנען פון א מאיאָריטעט לינקע האָט אריינגעבראכט צוויי רעזאָלוציאָנען צו באגריסעןביידע קאָנווענשאָנס, די קאָנווענשאָן פון דער סאָציאַליסטישער פארטיי אין שיקאגאָ, און צו דער קאָנווענשאָן פון דער קאָמוניסטישער פארטיי וואָס האָט זיך געדארפט עפענען מאָנטאג דעם ערשטען סעפטעמבער.

א פראגע ווערט געשטעלט דעם קאָנווענשאָן :
האָבען מיר שוין אָפיציעל א קאָמוניסטישע פארטיי ?

אין גרויסען האָל ווערט שטיל. די דעלעגאטען ווערען ערנסט, אָט, אָט, צוברענען זיך די געמיטער פון די דעלעגאטען און א שרעקליכער שטורעם ברעכט אויס. נאָר א דאנק דער אינטעליגענץ, וואָס די מאיאָריטעט דעלעגאטען האָבען באזעסען, און א דאנק די גרויסע פאראנטוואָרטליכקייט וואָס זיי האָבען געפיהלט צו זייער אָרגאניזאציאָן, איז דורכגעגאנגען א פאָרשלאג צו דעבאטירען די פראגע דורך פיער רעפּרעזענטאַנטען ; צוויי דאפיר און צוויי דאגעגען. די פראגע איז דעבאטירט געוואָרען אמת שעהן, אמת אינטעליגענט, פון א ריין פּרינציפּיעלען שטאנדפּונקט און אָהן קיינע פערזענליכע עלעמענטען. אמת, אין די שטימען פון די רעדנער האָט זיך געהערט א ציטער, עס האָט זיך געפיהלט א לײדענשאפט, יעדער צד האָט געזוכט מיט אַלע מעגליכקייטען צו באקעמפען דעם געגען צד, דאָך, נאָך דעם ווי עס איז געשטימט געוואָרען צוויי מאָל דורך הענד, און א דריטען מאָל דורך א ראָל־קאָל, און די רעזאָלוציאָנען זיינען דורכגעפאלען, איז געבליבען שטיל און רוהיג. איך מוז זאָגען, אז די דעבאטע איז געפיהרט געוואָרען פיעל שענער ווי איך וואָלט אפילו ערווארטעט פון דעלעגאטען פארזאמעלט ביי א קאָנווענשאָן, אונטער נאָרמאַלע צושטענדע אין דער באוועגונג. מיר טאָרען ניט פארגעסען אז באָסטאָן איז כמעט די וויגעלע פון דער נייער ריכטונג אין דער סאָציאַליסטישער באוועגונג. ווי עס ווייזט אויס האָבען די דעלעגאטען מיט זייער צוריקווייזען די רעזאָלוציאָנען אויסגעדריקט דעם געדאנק און דעם פארלאנג ניט צוצולאָזען די מחלוקות פון דער סאָציאַליסטישער באוועגונג אי לייבאָר ליגע. איך גלויב, אז דיזער אינצידענט קען אויך דיענען אלס גוטער ביישפּיעל פאר'ן ארבייטער רינג.

# אַנאַליזען פון א נוצער עסענוואַרג.

עסעף.

עס איז טעאָרעטיש מעגליך, אז עס וועט אמאָל קומען א צייט ווען אגריקולטור, איצט דער פונדאמענט פון דער געזעלשאפט, וועט אונטערגעהן. ערד־ארבייטער, פאסטוכער און מילכנער וועלען מעהר ניט עקזיסטיקען, און וועגען בעקער און קצבים וועלען מענשן קענען בלויז לייענען אין דער היסטאָריע.

די הויז־פרוי וועט מעהר ניט דארפען זאָרגען „וואו נעמט מען אויף וועטשערע?" זי וועט קענען אריינגיסען אין א טעפּעל א פּאָר גלאָז וואסער, אריינפּומפּען א ביסעל לופט, דערשיטען א הויפען „ערד" און אויסקאָכען א גוטען מאָלצייט. אויב די קינדער וועלען בעטען מילך, וועט זי בלויז דארפען אויסמישען עטוואס פון א נאטירליכען מינעראל אין א כלי מיט ריינע וואסער און עס וועט זיין גענוג מילך פאר דער גאנצער הויז־געזינד.

פּראָפעסאָר עמיל פישער פון בערלין האָט מיט זיין וואונדערבארע ארבייט איבער צוקער און פּראָטעאין באוויזען, אז אזא זאך איז ניט אויסער די וויסענשאפטליכע מעגליכקייטען. דיזער בארימטער כעמיקער האָט זינט 1887 צוזאמענגעשטעלט פון די עלעמענטען, וועלכע געפינען זיך אין דער לופט און „טויטע" ערד, די צוויי וויכטיגסטע שפּייז־פּראָדוקטען: צוקער און פּראָטעאין. פעטס האָט מען שוין לאנג געוואוסט ווי צו סינטעזירען אין דער לאבאראטאָריע.

דערווייל אָבער איז עס בלויז א טעאָריע פאר דער פאנטאזיע. דערווייל דארף מען נאָך אָנקומען צו די אַלטע מיטלען צו קאָכען וועטשערע אָדער אָנבייסען. פאָרלויפיג מוז מען זיך נאָך באנוצען מיט דער שפּייז וואָס מען קריגט ארויס פון פלאנצען און פון דעם פלייש פון חיות.

די פלאנצען זיינען גרויסע פאבריקען פון שפּייז. זיי פּראָדוצירען די פארשידענע סאָרטען תבואות, פּירות און גרינסען פון וואסער, קוילען־זויערע (קארבאָן־דיאקסיד) און געוויסע מינעראלען, וועלכע זיינען אויפגעלעזט אין וואסער. די חיות עסען די פלאנצען און בייטען דאָס איבער אין פלייש און פעטס. דאן קומט דער מענש און עסט אי די פארטיגע שפּייז פון די פלאנצען און אי דאָס פלייש און פעטס פון די חיות.

דער מענש ווי די חיה דארף האָבען שפּייז פאר דריי צוועקען:

א) צו האלטען דעם קערפּער ווארעם.

ב) צו באשאפען ענערגיע מיט וואָס צו טאָן מעכאנישע ארבייט.

ג) צו פארגרעסערען דעם קערפּער (אין צייט פון וואקסען) און צו פארריכטען אויסגענוצטע גליעדער.

די שפּייזען דורך וועלכע דיזע דריי צוועקען ווערען ערדייכט ווערען, לויט זייערע כעמישע קאָמפּאָזיציעס, צוטיילט אין פיער קלאסען :

ערשטענס, מינעראל שטאָפען, ווי וואסער (וואסער איז א מינעראל), קאָך־זאלץ און אנדערע מינעראל זאלצען, וועלכע געפינען זיך אין פלייש און אין פלאנצען, — צוויי דריטעל פון אונזער קערפּער איז וואסער און ארום 6 פּראָצענט אנדערע מינעראלען. אונזערע ביינער זיינען מייסטענס קאלציום פאָספאט און אונזערע צייהנער, בלוט און פלייש ענטהאַלט מעהר אָדער ווייניגער פון די עלעמענטען קאלציום, אייזען, נאטריום און כלאָר.

צווייטענס, פעטס, ווי פעטס פון פלייש, שמאלץ, פּוטער און בוימאויל. פעטס פּראָדוצירט פיעל היץ און ענערגיע און א צודעק פאר די ביינער און מוסקלען. דער צודעק פארהיט דעם קערפּער פון דירעקטען איינפלוס פון דער אטמאָספערע און דיענט אויך אלס א זאפּאס פון שפּייז אין צייט פון נויט.

דריטענס, קויהלען־הידראטען, אין דער פאָרמע פון קראָכמאָל און צוקער. קראָכמאל און צוקער פּראָדוצירען אין קערפּער היץ און ענערגיע, אָבער ניט אזוי פיעל ווי פעטס. דערפאר העלפען זיי אין דעם אויסבילדען פון פעטס.

פיערטענס, פּראָטעאין, וואָס געפינט זיך אין א גרויסער מאָס אין אייער, אין פלייש, און אין א קלענערע מאָס אין ארבעס, בעבלעך און מעהל. פּראָטעאינען זיינען א קלאס פון כעמישע אָרגאנישע פארבינדונגען, וועלכע זיינען זעהר רייך אין דעם עלעמענט שטיקשטאָף (ניטראָגען). דאָס איז דער איינציגער שפּייז וואָס קען אויסבילדען נייע מוסקעל־פלייש און פארריכטען אַלטע.

א נאָרמאַל געזונטער מענש מוז האָבען אַלע פיער קלאסען שפּייז : מינעראל, פעטס, קויהלען־הידראטען און פּראָטעאין. דער לעצטער איז אָבער דער וויכטיגסטער. אָהן פּראָטעאין קען זיך דער קערפּער פשוט ניט ענטוויקלען.

| נאָמען פון פּראָדוקט | פּראָצענטען פון די 4 קלאַסען שפּייז | | | | | קאַלאָריעס אין א פונט פון פּראָדוקט |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | מינעראַלען | | | | | |
| | וואַסער | אַש | פעטס | קוילענהידראַטען | פּראָטעאין | |
| ווייסע ברויט | 35.3 | 1.1 | 1.3 | 53.1 | 9.2 | 1180 |
| קוקורוזע ברויט | 38.9 | 2.2 | 4.7 | 46.3 | 7.9 | 1175 |
| צוגעברוינטע ברויט | 24.0 | 1.7 | 1.6 | 61.2 | 11.5 | 1380 |
| לאָקשען (מאַקאַראָנען) | 78.4 | 1.3 | 1.5 | 15.8 | 8.0 | 400 |
| האָבער־מעהל קאַשע | 84.5 | 0.7 | 0.5 | 11.5 | 2.8 | 280 |
| קאַרטאָפּעל | 78.3 | 1.0 | 0.1 | 18.4 | 2.2 | 375 |
| ציבעלע | 87.6 | 0.6 | 0.3 | 9.9 | 1.6 | 220 |
| פּאַסטערנאַק (מערען) | 83.0 | 1.4 | 0.5 | 13.6 | 1.6 | 295 |
| סעלערי | 94.5 | 1.0 | — | 3.4 | 1.1 | 80 |
| קוקורוזע | 10.8 | 1.5 | 4.3 | 73.4 | 10.0 | 1685 |
| קאָרן | 10.5 | 1.9 | 1.5 | 73.9 | 12.2 | 1620 |
| ווייץ | 10.6 | 1.8 | 1.7 | 73.7 | 12.2 | 1625 |
| גריקע (רעטשקע) | 12.6 | 2.0 | 2.2 | 73.2 | 10.0 | 1595 |
| האָבער | 11.0 | 3.0 | 5.0 | 69.2 | 11.8 | 1670 |
| רייז | 12.0 | 1.0 | 2.0 | 77.0 | 8.0 | 1620 |
| בעבלאַך | 12.6 | 3.5 | 1.8 | 59.6 | 22.5 | 1560 |
| צוקער | — | — | — | 100.0 | — | 1810 |
| צוקער־סיראָפּ | 25.1 | 3.2 | — | 69.3 | 2.4 | 1300 |
| האָניג | 18.2 | 0.2 | — | 81.2 | 0.4 | 1475 |
| עפּעל | 84.6 | 0.3 | 0.5 | 14.2 | 0.4 | 285 |
| באַנאַנאַס (אָהן שאָלעכץ) | 75.3 | 0.8 | 0.6 | 22.0 | 1.3 | 445 |
| ווייַנטרויבען | 77.4 | 0.5 | 1.6 | 19.2 | 1.3 | 435 |
| אייער | 73.7 | 1.0 | 10.5 | — | 14.8 | 695 |
| ווייסעל פון אַן איי | 86.2 | 0.6 | 0.2 | — | 13.0 | 245 |
| געלכעל פון אַן איי | 49.5 | 1.1 | 33.3 | — | 16.1 | 1650 |
| שמאַנט קעז | 34.2 | 3.8 | 33.7 | 2.4 | 25.9 | 1885 |
| צוואָרעך | 72.0 | 1.8 | 1.0 | 4.3 | 20.9 | 495 |
| קיהעשע מילך | 87.2 | 0.7 | 3.7 | 4.9 | 3.5 | 335 |
| ציגענע מילך | 85.7 | 0.8 | 4.8 | 4.4 | 4.3 | 300—400 |
| מענשליכע מילך | 87.4 | 0.3 | 3.8 | 6.2 | 2.3 | 300—400 |
| פּוטער | 13.0 | 3.0 | 83.0 | — | 1.0 | 3405 |
| פּלאַנצען פּוטער | 2.1 | 5.0 | 46.5 | 17.1 | 29.3 | 2735 |
| בוימאויל | — | — | 100.0 | — | — | 4080 |
| רינדערנע פעטס | 13.2 | 0.3 | 81.8 | — | 4.7 | 3425 |
| געטריקענטע פלייש | 54.3 | 9.1 | 6.6 | — | 30.0 | 1810 |
| ביף סטייק | 61.9 | 1.0 | 18.5 | — | 18.6 | 1090 |
| לעם ריפּ | 53.1 | 1.0 | 28.3 | — | 17.6 | 1475 |
| חזיר ריפּ | 52.0 | 1.0 | 30.1 | — | 16.9 | 1535 |
| מאַקאַרעל פיש | 73.4 | 1.2 | 7.1 | — | 18.3 | 620 |
| שטאָק פיש | 82.6 | 1.2 | 0.4 | — | 15.8 | 300 |
| אויסטער | 86.9 | 2.0 | 1.2 | — | 6.2 | 230 |
| הערינג | 34.6 | 13.2 | 15.8 | — | 36.4 | 1305 |

דאָס מיינט אָבער נים, אז עס איז ראטזאם צו עסען בלויז פּראָטעאין שפּייז. עס וועט דעם קערפּער קיין גוטס ניט טאָן, ווייל א טייל פון די פּראָטעאין וועט אין קערפּער מוזען פאר־ברויכט ווערען צו שאפען היץ און ענערגיע אין וועלכע דער קער־פּער נויטיגט זיך און דאָס וועט פאראורזאכען עקסטרא ארבייט פאר געוויסע אָרגאַנען. מען דארף דאריבער אין א געוויסער פּראָפּאָרציע זיך באנוצען מיט אלע פיער קלאָסען שפּייזען.

אין א נויט קענען קוילענהידראטען (קראָכמאל און צוקער) פארנעמען דעם פּלאַץ פון פעטס אָהן גרויסע שוועריגקייטען. וויילביידע קלאסען שפּייז באצוועקען כמעט דאָס זעלבע: היץ און ענערגיע. מען דארף אָבער ניט פארגעסען, אז פעטס איז צוויי מאָל אזוי ווירקזאם ווי קויהלענהידראטען.

עס איז אונמעגליך צו פארשרייבען איין שפּייז רעצעפּט פאר אלעמען. די סאָרטען שפּייז, וואָס א מענש דאַרף האָבען ווענדעט זיך זעהר פיעל אָן די ארביַיט, וואָס ער טוט און אָן דעם געבוי פון זיין קערפּער. דאָסזעלבע קען געזאָגט ווערען וועגען דער מאָס פון שפּייז, וואָס א מענש דארף. מען קען זיך אויפ'ן אַפּעטיט ניט פארלאָזען. דער אַפּעטיט נארט אָפט אָפּ.

אויב מען וויל אויף אָן אמת'ן אָפּהיטען דעם געזונד, מוז מען פריהער וויסענשאפטליך באשטימען (פרעגען א גוטען דאָק־טאָר), וועלכע סאָרטען שפּייז און ו ו י פ י ע ל עס איז נויטיג פאר'ן קערפּער, און נאכדעם דעם דאָקטאָר'ס אורטייל אבסאָלוט דורכפיהרען.

אין דער פאָלגענדע טאבעלע זיינען פארצייכענט די פּראָ־צענטען פון די פיער קלאסען שפּייז אין די וויכטיגסטע אר־טיקלען, וועלכע דער מענש עסט. די אנאליזען פון די פארשי־דענע פּראָדוקטען, וועלכע ווערען דאָ אָנגעגעבען, זיינען מיים־טענס דורכגעפיהרט געוואָרען פון די כעמיקער פון דעם מיניס־טעריום פון די פאראייניגטע שטאאטען. די ציפער אין לעצטען רובריק רעפּרעזענטירען די צאָהל קאלאָריען, וועלכע געפינען זיך אין א פונט פון דעם שפּייז־פּראָדוקט. א קאלאָריע איז די איינ־הייטס־מאָס פאר װאַרעמקייט. דאָס איז די מאָס וואַרעמקייט וואָס פאָדערט זיך צו דערהעכערען די טעמפּעראטור פון א קילאָ־גראַם (אונגעפעהר 2 מיט איין־פינפטעל אמעריקאנער פונט) וואסער אויף 1 גראד צעלזיוס. וואָס מעהר קאלאָריען א פּראָ־דוקט באנוצט, דעסטאָ בעסער איז ער, פארשטעהט זיך, אלס שפּייז פאר היץ און ענערגיע.




אן אַלטער קלוגער מאַן, וואָס האָט
געהאַט אַ גרויסען נאָמען אין זיין שטאָדט,
פלעגט קיינמאָל אָהן זיין שטעקען ניט אַרויס
א טראט פון הויז.
און ווי ביי זיך, אזוי אין געסט ביי פרעמדע לייט,
פלעגט ער ניט שטעלען איהם וואו ערגעץ אָן דער זייט, —
נאָר שטענדיג אויבען אָן.
פאר וואָס ער פלעגט דאָס טאָן —
פלעגט קיינער קלאָר ניט וויסען.
(כאָטש אלעמען פלעגט אָפט פארדריסען
פאר וואס א שטעקען גאר פארנעמט דעם שענסטען אָרט)
נאָר פאָרט,
פלעגט יעדער איינער פאר זיך גלויבען, —
אז אויב א פּראָסטען שטעקען האָט דער קלוגער מאַן
דערהויבען, —
איז ע פּ ע ס אין דעם שטעקען שוין פאַרהאַן.

ווער ווייס ?
זיין ווערט איז, קאָן זיין, זעהר גרויס,
און אפשר ליגט באהאלטען אין דעם שטיקעל האָלץ
א וואונדערליכע מאַכט !...
אזוי איז אונזער שטעקען שטאַרק געווען געאַכט
און יאָהרען־לאַנג דעם אויבען אָן מיט שטאָלץ
פארנומען,
אַוואו דער אַלטער פלעגט מיט איהם נאָר קומען.
נאָר איינער, וועלכער האָט דעם אַלטען גוט געקענט
האָט זיך צו איהם אמאָל אַזוי געווענדט :
— "איך וואָלט דיך וועלען פרעגען
פאר וואָס איז דאָס ביי דיר אזוי געאַכט דער שטעקען ?"
— „גאר פּראָסט", — האָט זיך דער אַלטער דאָ צעלאַכט, —
„דער שטעקען איז ביי מיר געאַכט
ווייל ער האָט דאָס פארדיענט :
ער האָט פיעל מאָל מיך אויסגעהיט פון בייזע הינט"...

# דער שמיד-האַמער

י. ב. ביילין.

„קלינג קלאַנג! קלינג, קלאַנג!
קלאַפּט דער האַמער זיין געזאַנג".
געאָרג פון הערוועגה

פאַר צעהנדליגער יאָהרען האָט זיך דער דאָזיגער שמיד־האַמער, געהויבען און געהויבען, געקלאַפּט און געקלאַפּט, געהילכט און געהילכט. אויף די בערג און אין די טאָלען, אויף דער פלאַכ־לאַנד און נעבען די גרויסע לייקס, אין ריעזען־שטעטט און אין אָט־אָט פון דער ערד ארויסגעשפּראָצטע ישובים, האָבען זיך זיינע דונערן געקייקעלט. ביי טאָג און ביינאַכט, אין וואָכען־טעג און אין יום־טוב, אין רעגען און אין זונען־שיין, האָבען זיך זיינע בליצען געצונדען. וואָלקענס רויך און צעגאָסענע פייער האָבען זיך פון זיינע מזבחות געפּאַרעט און די הימלען פאַרטונקעלט. שטיקענדער שטויב און פּעך־שוואַרצע זיילען פון סאַזשע האָבען זיך פון זיינע שוואַרצע קוימענס, ווי פון דעמאָנישע העלזער, געהויבען און די שטראַהלען פון דער זון פאַרשטעלט. רעש'דיג האָבען זיך געריסען זיינע רעדער, ווי שטורעם־ווינטען האָבען זיך געשוואונגען זיינע לעדער פּאַסען און אַ מעכטיגער געזאַנג וואָס האָט געאָטעמט מיט קראַפט און אַלמאַכט, מיט גאָט און שאַפונג האָט אַלץ דורכגענומען.

אָבער די שמידען אַליין האָבען דעם געזאַנג שוואַך פאַרנומען. פאַרלושעט זיינען זיי געוועזען פון זייער אייגענעם קלאַפּען און האַמערען. פאַרדולט זיינען זיי געוואָרען, פּונקט ווי זיי וואָלטען מיט זייערע שטומע שמיד־האַמערס זיך איבער די אייגענע קעפּ געדונערט, און דאָס געזאַנג איז זיי ווי אַ שדים־געבייזער פאַרגעקומען. אין די אויערען האָבען געסווישטשעט די בייטשען פון הערנערדיגע מלאכי־חבלה, פאַר די אויגען האָבען געטאַנצט די פונקען פון אונטער דעם צונטער־רויטען, גליהענדען אייזען, ווי די צונגען פון פייערדיגע שלאַנגען, און דער מוח — — — דער האַלב־צעשטויסענער און פאַרלושעטער מוח האָט זיך מיט ביליגע וואַנדעל־בילדער פון גראַפען אָדער „קאָו־באָיס" געפרישט און מחיה געווען...

אין דער זייט איז מעפּיסטאָ געשטאַנען. דאָ פינסטער און אָנגעכמורעט, ווי אַ שטורעם־וואָלקען, דאָ שיינענדיג ווי די אויגען ביי אַ גאָלדענער קאַלב, מיט די שטענדיג אויסגעשטשירעטע שפּיציגע ציינער. גרייט אויף אַלץ און אויף אַלעמען...

* * *

און דערווייל האָבען זיך נייע צעהנדליגע קוימענס אין דער לופטען אויסגעשפּרייט, ווי איבערגעדרעהטע פיס פון אַ משונה'־דיגען אָקטאָפּוס. נייע שמעלץ־אויווענס זיינען צוגעקומען און מיט זייערע ווייט, אויפגעעפענטע גענעץ־מיילער געשלונגען און געשלונגען. מיט זייערע מורא'דיגע פּעטע בייכער שטעהן זיי, ווי סטראַשידלעס פאַר מיילען אַרום, ווי זיי וואָלטען אָנגעצייגט אויף זיך: דאָ געפינט זיך דאָס מויל פון גיהנום. דער אייביגער העלישער פייער ברענט דאָ און ברענט און ברענט זיך קיינמאָל ניט אויס.

און דאָס מויל שרייט „הב־הב!" גיב נאָך און נאָך. נישט נור רודימענטען פון הארטען אייזען איבערצושמעלצען און נאָך הארטערען שטאָהל, נאָר אויך הענט צו ברענגען די רעדער אין שוואונג. הענט צו שיטען טאָנען און טאָנען קוילען, צו האַלטען די פייערען ברענען, צו שמידען, צו גליהען, צו לענקען, צו בייגען, צו פּרעסען, צו דרילען, צו שווינגען מיט האַמערס, מיט צוואַנגען צו שלעפּען און לאָדען די רעלסען, די שטאַנגען, די שטאָלענע שווערע פּלאַטען. הענט געזונטע און שווערע, מיט פולע אָנגעגאָסענע אָדערען און פאַרשטיינערטע מוסקלען.

פון די שמעקענדיגע פעלדער פון איטאַליע און יוגאָסלאַוויע, פון די אַליוו־גערטנער אין גריכענלאַנד סיריען, פון די פלאַכלענדער און וועלדער געגענדען פון פּוילען, ליטאָ און אוקראַאינע, די געזונטסטע, אינגסטע און קרעפטיגסטע קינדער פון די ווייטע לענדער, הונדערטער, טויזענדער און צעהנדליגע טויזענדער פון זיי שאַפען די רעלסען, מיט וועלכע ארומצובינדען דעם ערד־קוגעל און האַלטען איהם צוזאַמען און די שטריק מיט וועלכע זיך אַליין איבער די העלזער פאַרציהען און האַלטען זיך באַזונדער.

אזוי האָט מעפּיסטאָ געוואָלט. די וועלכע האַלטען זייער גאַנצען לעבען אין איין פאַראייניגען, צוזאַמענצוקלאַפּען, צוזאַמענשמעלצען, מאַכענדיג פון דער גאַנצער פאַרשידענאַרטיגער וועלט איינס — טאָרען זיך אַליין ניט פאַראייניגען, טאָרען אַליין זיך ניט צוזאַמענשמעלצען. מוזען זיך האַלטען באַזונדער, ווי שטויב, איינס אָפּגעטיילט פון צווייטען.

אזוי האָט מעפּיסטאָ געוואָלט און זיין ווילען איז געווען אַלמעכטיג.

און ווען אַ שטראַל ליכט האָט אויף אַן אויגענבליק אויפגעטויכט אין די טויזענדער מוחות פון די צעטומעלטע שקלאַפען און זיין האָבען מיט 27 יאָהר צוריק פאַרלעגט מיט די הענט און זיך אויפגעהויבען געגען מעפּיסטאָ'ס טייפעלשע מאַכט, האָט ער מיט די זעלביגע שטאָל און אייזען וואָס די קנעכט האָבען באַשאַפען, און מיט דער הילף פון אַנדערע קנעכט, נאָך פינסטערערע און אונטערטעניגערע, דערשטיקט זייער אויפשטאַנד.

* * *

האָמסטעד, דער פּלאַץ וואו קאַרנעגיע'ס געדונגענע מערדער האָבען עס אין 1892 דערטרונקען דעם שטאָל סטרייק אין בלוט, פלאַקערט ווידער מיט אויפשטאַנד געגען דעם אייזערנעם שטאָל־טראָסט און מיט איהר צוזאַמען נאָך דריי הונדערט טויזענד מאַן פון דער מעכטיגער אינדוסטריע.

דער גאַנצער טאָל פון מאָנאָנגאַהעלא, דאָס האַרץ פון די שטאָל־גיסערייען, די בערג פון אַלעגהעני און וועסט־ווירדזשיניא, די לייק ברעגען פון דעם איריי, מישיגאַן און סופּיריאָר, אפילו די „מצרים'שע" געגענד פון בירמענגהאַם, אַלאַבאַמאַ איז אַרומגעכאַפּט פון דעם ריעזען קאַמף. דער שמיד האָט גענוי דערהערט דאָס ליעד, וואָס זיין האַמער האָט ארויסגעזונגען פאַר אזוי פיעל יאָהרען און ער איז ערשטווינט געוואָרען פאַר וואָס ער האָט איהם ביז יעצט נישט פאַרנומען.

און דאָס מאָל הערט זיך נאָך דייטליכער דאָס ליעד, וואָס רייסט זיך פון אונטער די אונזעהבאַרע האַמערען, דאָס ליעד פון מענשליכען ווידערגעבורט, דאָס ליעד פון אַ נייער וועלט:

קלינג, קלאַנג! קלינג, קלאַנג!
קלאַפּט דער האַמער זיין געזאַנג!

# דער היינטיגער טעאטער סעזאָן

פון זישא לאנדוי

דער טעאטער סעזאָן האָט זיך געעפענט. שווער איז צו זיין
[...]ן נביא אין אידישען טעאטער; אָבער עס איז גאָרנישט נויטיג
[...]ן זאָגען נביאות. דאָס וואָס עס איז פאָרגעקומען איז אליין פאר
[...]יך אינטערעסאנט.

עס איז למשל כאראקטעריסטיש, וואָס אין דעם גרויסען
[...]עקאָנד עוועניו טעאטער, וואו פאָר־יאָהרען האָט געקעניגט יעקב
[...]דלער, זיינען היינט די הויפּט אקטיאָרען לודוויג זאַץ, סעמועל
[...]אָלדינבורג און ראָזענשטיין. אמת, אקטיאָרען מיט א נאָמען,
[...]בער דאָך יונגע. און דוד קעסלער'ס פּלאַץ אין פּיפּעלס טעא־
[...]ער פארנעמט מאקס ראָזענטאל, ניט קיין יונגער אקטיאָר,
[...]בער פאר די ברייטערע מאסען, וועניגער פּאָפּולערער אקטיאָר
[...]ון קעסלער'ן. די אַלטע באקאנטע „שטערען" זיינען אזוי ווי
[...]ייסנעטריקענט געוואָרען. אדלער, מאדאם אדלער, בעני
[...]אָמאשעווסקי, שפּיעלען ניט אין ניו יאָרק, דוד קעסלער האָט
[...]יך פארקליבען אין טאָמאשעווסקי'ס טעאטער.

דאָס יאָגען זיך בלויז נאָך באקאנטע נעמען האָט דעם יאָהר
[...]ויפגעהערט, א דאנק אוירווינג פּליים טעאטער. קיינער האָט
[...]ים געגלייבט, אז דאָס אוירווינג פּליים טעאטער וועט זיין ער־
[...]אָלגרייך. עס האָט ניט געגלענצט מיט קיין צופיעל באריהמ־
[...]ע נעמען. דאָס, וואָס דאָס טעאטער האָט פאריאָהרען געמאכט
[...]טע געשעפטען האָט געעפענט די אויגען פון די טעאטער מענע־
[...]זשערס און איבערציינגט זיי אין דעם אמת פון דער באריהמ־
[...]ער פראגע „וואָס איז א נאָמען?" א נאָמען קען מען היינט־
[...]ו־טאָג קריגען ווען מען האָט נאָר טאלאנט. און דאָס פּובליקום
[...]ועט מיט פארגניגען אונטערשטיצען יעדען טעאטער וואו עס
[...]וערט נאָר גוט געשפּיעלט.

דאכט זיך, יעדער קען עס פארשטעהן, אָבער פּשוטע
[...]מת'ען פארנעמען מענשען א סך שווערער, ווי מען קען מיינען
[...]ין ערשטען אויגענבליק.

אָבער דער עקספּערימענט פון אוירווינג פּליים טעאטער,
[...]אָס האָט געהאט אזא גוטע ווירקונג אויף די אנדערע טעאטערס,
[...]אָט אויף אוירווינג פּליים טעאטער אליין זיך שלעכט אָפּגע־
[...]ופען. די היינטיגע טרופּע פון שווארץ'ס טעאטער איז זעהר
[...] שוואכע אין פארגלייך מיט דער פאר־א־יאָהריגער. מאדאם
[...]ארקין און ליזא זילבערט וועלען ניט פארנעמען דעם פּלאַץ
[...]ון מאדאם נאדאלסקי און א ציליע אדלער און דאָס אָרט פון
[...]ודוויג זאַץ'ן, די צירונג פון דעם לעצטען סעזאָן פון אוירווינג
[...]ליים טעאטער, איז געבליבען אָפּען.

ווען עס וואָלט ניט אונטערגעקומען „דאָס נייע אידישע
[...]טעאטער" (מעדיסאָן גארדען) וואָלט נאָך געווען א האלבער
[...]ומגליק. שווארץ קלייבט זיך אויף דעם יאָהר צושטעלען בע־
[...]ערע פּיעסען (געעפענט דעם סעזאָן האָט ער מיט שלום עליכם)
[...]ון עס וואָלט ניט געווען קיין אנדער פּלאַץ פאר א מענשען מיט
[...] בעסערען געשמאק וואו צו פארברענגען אַן אבענד, ווי דאָס
[...]וירווינג פּליים טעאטער. איצט אָבער איז „דאָס נייע אידי־
שע טעאטער" א קאָנקורענץ פאר שווארץ'ן. דערצו ווערט גע־
עפענט פּיפּעלס טעאטער מיט קאָברינען און די מעהרסטע בעסע־
רע דראמאטורגען אונזערע האָבען פארקויפט פּיעסען, וועלכע
וועלען אויפגעפיהרט ווערען דעם סעזאָן.

אָבער ניט נאָר שווארץ, נאָר אפילו „דאָס נייע אידישע
טעאטער", וואָס זאָגט אונז אזוי פיעל צו, עפענט זיך אויך אויף
מיט א שוואכער טרופּע. אמת, זיי האָבען די וואונדערבארע
מאדאם בינה אבראמאָוויטש, ציליע אדלער, דערפאר איז דאָס
בעסטע וואָס זיי האָבען צווישען די מענער־אקטיאָרען רובין און
גאָלדסמיט, גאנץ גוטע אקטיאָרען. אָבער דאָך איינזייטיגע, בלויז
גוט פאר געוויסע ראָלען.

עס איז דאָ א מורא, אז אי אוירווינג פּליים טעאטער,
אי דאָס נייע אידישע טעאטער, זאָלען אמאָל ניט האָבען קיין כוח
דורכצופיהרען א גוטע פּיעסע צוליעב מאנגעל אין קרעפטען.

דער דאָזיגער פאקט האָט אָפּגעשוואכט היי־יאָהר דעם אינ־
טערעס אין שווארץ'ס טעאטער. דערצו איז אויך צוגעקומען
דעם אומשטאנד, וואָס דער אוירווינג פּליים טעאטער איז א
פאקט, מיר האָבען איהם געהאט לעצטען סעזאָן און מיר ווייסען,
וואָס מיר האָבען צו ערווארטען פון איהם. ער איז איינער פון
אונזערע בעסטע טעאטערס און וועט געוויס אלס אזעלכער בלייי־
בען, אָבער צו גוט איז קיין גרענעץ ניטאָ, און אזוי ווי „דאָס
נייע אידישע טעאטער" איז דאָס יונגסטע, איז פאר־
שטענדליך, אז עס האָט צוגעצויגען די גאנצע אויפמערק־
זאמקייט.

דערצו האָט דאָס נייע טעאטער ארויסגעקומען מיט דער
לאָזונג „רעזשי". די לאָזונג איז ניי אין אונזער טעאטער.

די ערשטע פאָרשטעלונג פון דעם נ י י ע ם ט ע א־
ט ע ר האָט אביסעל ענטוישט. די שטארקסטע קאָרט פון
דעם נייעם טעאטער איז עמאנועל רייכער, אלס קונסט־דירעק־
טאָר, אלס רעזשיסאָר. דער רעזולטאט, אורטיילענדיג נאָך דער
ערשטער פאָרשטעלונג, איז א גאנץ אומבאדייטענדער. דאָ און
דאָרט באמערקט זיך די האנד פון דעם רעזשיסאָר, אורטיילענדיג
ווי די זעלבע אקטיאָרען האָבען פריהער געשפּיעלט אין עהנלי־
כע סצענען און ווי זיי שפּיעלען איצט, אָבער אין אלגעמיינעם
איז עס ניט געווען איבערראשענד, און עס איז נאָך אלץ פיעל,
זעהר פיעל פארבליבען וואָס צו פארבעסערען; דער דריטער
ווי אויך דער לעצטער אקט האָבען צופיעל דערמאָנט די אלטע
גוטע צייטען פון אונזער טעאטער: זיס־זויערע סענטימענטא־
ליטעט און קונצענמאכעריי. דער ערפאָלג אָדער מיסערפאָלג פון
דער „פּוסטער קרעטשמע", מיט וועלכער דאָס „נייע טעאטער"
האָט זיך געעפענט, איז אין גאנצען אָפּהענגיג אָן דער רעזשי,
אָן דעם נייעם, וואָס דאָס „נייע טעאטער" וויל ארייינברייינגען
ביי אונז. דערפאר איז אביסעל פארדריסליך.

און דאָך פיהלט יעדער, אז דאָס, אויף וואָס מיר האָבען
אזוי לאנג געווארט איז מקוים געוואָרען: מ י ר ה אָ ב ע ן

א טעאטער („אוירווינג פּליים“ און „דאס נייע אידישע טעאטער“). ניט קיין קונסט טעאטערס, ניט קיין ליטעראַרישע טעאטערס, ווי זיי ווערען באטיטעלט דאָרט פון זייערע באַלעבאַטים, נאָר פּשוט טעאטערס, וואָס עס איז ניט אונטער דער ווירדע פון א מענשען מיט אביסעל געשמאַק צו פארברענגען דאָרט אַן אָוועט. דאָס איז פיעל וויכטיגער ווי די אַלערליי „קונסט“ און „ליטעראַטור“, וואָס מען זאָגט אונז דאָרט צו אויפצופיהרען. מיר האָבען ביז אהער ניט געהאט קיין אידיש פארוויילונגס־פּלאַץ — אָהן אונטערשיעד צי א וואָדעוויל הויז, צי א צירק אַפילו, צי א טעאטער וואו עס ווערען אויפגעפיהרט דראַמען אָדער לייכטע קאָמעדיעס און אָפּערעטקעס, מיט איין וואָרט, א פארוויילונגס פּלאַץ, וואָס עס זאָל ניט אָפּשטויסען פון זיך א מענשען מיט א בעסערען געשמאַק.

איצט האָבען מיר עס, מעגליך עס וועט נאָך אויסקומען צו פּאָקען און מאָזלען. אָבער מיר האָבען אָדער האַלטען אין באקומען דאָס, וואָס עס האָבען שוין די ברייטערע, אידישע פּאָלקס מאַסען פון א פּאָר צעהנדליג יאָהרען — א אידיש פארוויילונגס פּלאַץ.

מיט יאָהרען צוריק אין א צייט, ווען עס זיינען געפיהרט אין דער פּרעסע דעבאַטען וועגען דעם נידריגען צושטאַנד פון אידישען טעאטער, און יעדער איינער האָט געגעבען עצות ווי אויפצוהויבען די אידישע בּיהנע פון איהר נידריגען מצב, האָט בעל־מחשבות אין אַן אַרטיקעל ריכטיג אויפגעוויזען, אויף דעם אבסורד פון די דעבאַטען און עצות. ער האָט אויפגעוויזען, אַז אייגענטליך שטעהט אונזער טעאטער אין קיין פאַל ניט נידריגער ווי די טעאטערס ביי אנדערע פעלקער. עס שטעהט נאָך אפשר אויף א העכערער שטופע. מיר האָבען זיך אויף איהם ניט וואָס צו באַקלאָגען און האָבען איהם אין תוך ניט וואָס צו פארבעסערען. עס איז א פּאָלקס טעאטער, א טעאטער פאַר די ברייטערע שיכטען פון פאָלק און אלס אזא ערפילט ער זיין אויפגאבע. יעקב גאָרדין האָט ניט וואָס ארונטערצופאַלען ביי זיך נעגען די דראַמאַטורגען פון די פּאָפּולערע טעאַטערע ביי אנדערע פעלקער, אויב ניט העכער, נידריגער שטעהט ער פון זיי געוויס ניט און עס איז נאַריש ווען מען קלאָגט אויף דעם נידריגען צושטאַנד פון אידישען טעאטער אין פארגלייך מיט די קונסט טעאטערס ביי אנדערע פעלקער. ער האַלט ניט אוים דעם פארגלייך מיט זיי פּשוט דערפאַר, ווייל זיין כאראַקטער איז אין גאַנצען אַן אנדערער. מיר שטעהען ניט נידריגער פון אנדערע פעלקער אין דעם וואָס מיר האָבען, מיר שטעהען בלויז נידעריגער פון זיי מיט דעם, וואָס זיי האָבען אויסער טעאטערס פאַר די ברייטע מאַסען אויך טעאטערס פאַר דער אינטעליגענץ און מיר ניט. און אנשטאַט די אַלע דעבאַטען וועגען אויפהויבען דעם צושטאַנד פון דעם עקזיסטירענדען טעאטער, האַרפען מיר זעהן אויפצובויען א טעאטער פאַר די וועמעס געשמאַק שטעהט העכער פון דעם געשמאַק פון די ברייטע פּאָלקס מאַסען.

דאָס „נייע אידישע טעאטער“ און דאָס „אוירווינג פּלייס טעאטער“ זיינען אין קיין פאַל קיין קאָנקורענץ ניט צו די אַלטע אידישע טעאטערע, יעדענפאַלס, ניט קיין גרויסער קאָנקורענץ. איך גלויב, אַז א גאָר גרויסער טייל פון זייערע באַזוכער קומען ניט פון די באַזוכער פון די אַלטע טעאטערס: זיי ציהען צו צו זיך א קרייז וואָס האָט ביז אהער געווייכט פון אונזער טעאַטער. איך שטעל מיר ניט פאָר, אַז זיי זאָלען אָפּציהען אפילו פינף פּראָצענט פון געבעלס באַזוכער. דאָס זיינען צוויי באַזונדערע וועלטען, וואָס האָבען איינם מיט'ן צווייטען ניט צו טאָן, כאָטש זיי געהען ארונטער אונטער איין רובריק.

עס איז קיין צווייפעל ניט. אַז די פּרעסע וועט שטיצען יעדען פארזוך צו באַשאַפען א בעסער אידיש טעאטער. זי האָט לעצטען יאָהר געשטיצט דאָס אוירווינג פּליים טעאטער און וועט עס היי־יאָהר שטיצען, זי וועט שטיצען „דאָס נייע אידישע טעאטער“, פארשטעהט זיך, אויב זיי וועלען עס פארדיענען.

דאָס „נייע אידישע טעאטער“ ווי דאָס „אוירווינג פּליים טעאטער“ דאַרפען זיך צו אַלעם ערשטען אָפּזאָגען פון געדאַנק, אַז מען מוז דעם עולם אומבאַדינגט פּפלעגען מיט קונסט און פיטערען מיט ליטעראַטור, מיט דער ערנסטער דראַמא, אַזוי צו זאָגען. אָפּערעטקעס, לייכטע קאָמעדיעס, אַלץ וואָס שטעהט ניט אונטער דעם געשמאַק פון אַן אינטעליגענטען מענשען דאַרף אויפגעפיהרט ווערען. סוף כל סוף איז דער באַגריף פון גוט און שלעכט אין דער ליטעראַטור א רעלאַטיווער; וואָס מיר געפעלט, קען א צווייטען ניט געפעלען, און דאָס, וואָס עס געפעלט מיר היינט, קען מיר מאָרגען אויפהערען צו געפעלען. דער עיקר איז די אומגעבונג, באַציהונג. דאָ טרעפט שוין זעלטענער, אַז עס זאָלען זיין צוויי פארשידענע מיינונגען, און קען לייכט באַשטימען, וועלכעס טעאטער באַציהט זיך ערנסט צו זיין באַרוף. געוויס, דאַרף אומגעבונג, באַציהונג ניט געגעבען ווערען אויף דער רעכנונג פון דער פּיעסע, פון די אַקטיאָרען, (אין דעם הינזיכט האָבען געזינדיגט אי אוירווינג, אי דאָס נייע טעאטער), וואָרים, ווי ערנסט אַקטיאָרען זאָלען זיך ניט באַציהען צו זייער באַרוף, וועט עס אַלץ האָבען דעם פּנים פון חוזק, אויב זיי האָבען קיין טאַלאַנט ניט, און מען מוז שוין זיין גאָר א גרויסער אַקטיאָר, צו קענען מאַכען, אַז מען זאָל קענען אויסזיצען ביי א נאַרישער פּיעסע.

* * *

אויב דער גאַנצער סעזאָן וועט געהן אַזוי ווי דער אנפאַנג, וועלען מיר זיך ניט האָבען וואָס צו באַקלאָגען. אוירווינג פּליים טעאטער עפענט זיך מיט א שטיק פון שלום עליכם, דאָס נייע אידישע טעאטער — מיט פּרץ הירשביינען, פּיפּעלס — מיט לעאָן קאָברין'ס, סעקאָנד עוו. — מיט ז. ליבין'ס, געבעלס — ווי שטענדיג, מיט זיינם אַן אייגענע זאַך און טאָמאַשעווסקי'ס — מיט קאַלמאַנאָוויטשען.

---

די געזונטע אויסגעפּאַשעטע פּעקערס „קלייבט“ מען זיך נאָך אַלץ צו פּאָרזעצען אין טורמע, אָבער דערוויל שינדען זיי זיך גאַנץ געשמאַק לעדערנע פּאַסען פון פעלקער און נאַציאָנען. און דעבסען, דעם אַלטען, דעם פיזיש־צובראָכענעם, האַלט מען נאָך אַלץ אונטער שלאָס און ריגעל. אַז דעמאָקראַטיע — זאָל זיין מיט'ן פולען מויל!

* * *

הערענדיג פון אַלע זייטען שופר בלאָזען הויבט אָן דאָס האַרץ קראַמפּהאַפט צו טיאָכקען: וועלען מיר אפשר שוין באַלד הערען די תקיעה גדולה?...

דערוויל בלייבט פּאַלעסטינא אויף'ן מאַפּ פון גרויס־בריטאַניען און באַלפור'ס דעקלאַראַציע — אויפ'ן פּאַפּיער.

* * *

די פּוילישע אַרמעען זיינען שוין באַלד לעבען מאָהילעוו... גדולה אויף אונזער קאָפּ!

* * *

גערי ווייזט אָן אויף זיינע רעוואָלטירענדע קנעכט, אַז זיי זיינען גרים, „פאַריינערס“ און ממילא שוין אויך ווערט עוקר מן השורש צו ווערען.

אפרים אויערבאך.

# די גאָלדענע האָר

(לעגענדע פאַר קינדער)

ר' חנינא איז געווען א געלערנטער און עהרליכער מאן. ער האָט געהאט א סך תלמידים, וואָס האָבען ביי איהם געלערנט חכמה און זיי זיינען אויך געווען אזוי פרום און עהרליך ווי ער. אין דער פריה, ווי די זון האָט נאָר אויפגעשיינט, איז ר' חנינא מיט זיינע תלמידים ארויסגעגאנגען אויפ'ן פעלד און זיי האָבען אלע איינאיינעם באַארבייט די ערד און ווען די זון איז געקומען אינמיטען הימעל, האָבען זיי זיך געזעצט אונטער'ן שאטען פון א ברייטען, צוצווייגטען בוים און ר' חנינא האָט מיט זיינע תלמידים געלערנט אלערליי חכמות פון דער וועלט.

אין יענער צייט האָט אין שומרון, דער קרוינשטאָדט פון ישראל, געקעניגט זעהר א שלעכטער מלך. אלע האָבען דעם מלך פיינט געהאט און ער האָט פיינט געהאט אלעמען. ער האָט געדריקט דאָס פאָלק, האָט ארויפגעלייגט אויף איהם שווערע שטייערן און האָט צוגענומען ביי די ערד־ארבייטער די בעסטע פרוכטען פון זייערע פעלדער, און ביי די פאסטוכער — די בעסטע שאָף און רינדער. און וואָס מעהר ער האָט דאָס פאָלק געדריקט, אלץ מעהר האָט עס איהם פיינט געהאט; און וואָס מעהר דאָס פאָלק האָט איהם פיינט געהאט, אלץ מעהר האָט ער פיינט געהאט דאָס פאָלק.

און אפילו זיינע ראַט־געבער האָט דער מלך פיינט געהאט. ער האָט שטענדיג מורא געהאט אז זיי לויערען אויף זיין לעבען, און אז זיי פלעגען איהם עפּעס ראַטען, וואָס איהם איז נישט געפעלען געוואָרען, האָט ער צאָרנדיג אויסגעשריען:

— אַ, איך ווייס, איהר ראַט מיך אוממיסטען שלעכט, כדי מיך צו פארפיהרען!... און ער האָט באפוילען צוויי פון די ראַט־געבער צו טויטען, כדי די אנדערע זאָלען וויסען און זאָלען מורא האָבען.

האָט דער שלעכטער מלך פון ישראל געהערט וועגען ר' חנינא און, וועגען זיין עהרליכקייט און וועגען זיין קלוגשאַפט, האָט ער געשיקט א רייטער אין'ם דערפעל וואו ר' חנינא האָט געוואוינט און האָט איהם געבראכט אין פּאַלאַץ אריין. און ווען ר' חנינא איז געשטאַנען פאר'ן מלך, האָט ער צו איהם געזאָגט:

— חנינא, איך האָב געהערט דערצעהלען, אז דו ביזט זעהר א געלערנטער און קלוגער מאן. איך האָב אויך געהערט, אז דו ביזט אן ארענטליכער און עהרליכער מאן. איך וועל דיך דער־פאַר מאַכען פאַר מיין עלטסטען ראַט־געבער.

האָט ר' חנינא זיך געבוקט פאר'ן מלך און געזאָגט:

— אדוני קעניג, אויב איך בין געלערנט און קלוג, ווילסטו דאָך געוויס איך זאָל אנדערע אויך לערנען, אז זיי זאָלען זיין אזוי ווי איך, ווי־זשע קען איך פארלאָזען מיינע תלמידים?

— נעהם דיינע תלמידים מיט זיך אין מיין פּאַלאַץ, איך וועל באַפעהלען מיינע הויפלייט זיי זאָלען אייך באַדינען, — האָט דער מלך געזאָגט.

— ניין, אדוני מלך, מיר ווילען נישט עסען קיין אומזיסט ברויט. די חכמה קען נאָר קומען צו דעם וואָס ארבייט אויף זיין ברויט. טייל אונז אָפּ א שטיק פון דיינע פעלדער און מיר וועלען דאָס פעלד באַארבייטען און לערנען. און ווען דו וועסט מיך דארפען, וועסטו מיך שיקען רופען.

איז דעם מלך זעהר געפעלען געוואָרען ר' חנינא'ס ווער־טער און ער האָט געטאָן ווי ער האָט איהם געבעטען. ר' חנינא מיט זיינע תלמידים האָבען זיך באזעצט לעבען שומרון אויף דעם מלך'ס פעלד און זיי פלעגען ווי שטענדיג אויפשטעהן מיט'ן טאָג גלייך און באַארבייטען דאָס פעלד און דערנאָך, ווען די זון איז געקומען אינמיטען הימעל, האָבען זיי זיך געזעצט אונטער'ן שאָטען פון א בוים און געלערנט חכמה.

דער מלך האָט ר' חנינא'ן זעהר ליעב געהאט פאר זיין עהר־ליכקייט און די אנדערע ראַט־געבען האָט ער נאָך מעהר פיינט באקומען. האָבען די ראַט־געבער צווישען זיך גערעדט:

— זינט ר' חנינא איז געקומען צום מלך, איז ער נאָך גע־וואָרען ערגער צו אונז. מיר דארפען זעהן פון ר' חנינא'ן פּטור ווערען. ער דערצעהלט אודאי אויף אונז שלעכטס.

און צווישען די ראַט־געבער איז געווען איינער א גוטער, האָט ער געזאָגט צו זיינע חברים:

— ניין, איהר האָט א טעות, ר' חנינא וועט אויף אייך נישט רעדען קיין שלעכטס, איך קען איהם גוט און ווייס, אז ער איז דער עהרליכסטער מענש אין דער וועלט. מיר דארפען זוכען אנדערע וועגען ווי אזוי דעם קעניג בעסער צו מאַכען. אַ, איך האָב א מיטעל, דער קעניג האָט נישט קיין ווייב, וועלען מיר איהם ראַטען ער זאָל חתונה האָבען, אפשר וועט ער דאַמאלס בעסער ווערען. מיר וועלען אויסקלייבען פאַר איהם א גוטע און עהרליכע אידישע טאָכטער און זי וועט ווייכער מאַכען זיין בייז הארץ.

די עצה איז געפעלען געוואָרען אלע ראַטגעבער און זיי זיינען געקומען צום מלך און איהם געראַטען ער זאָל חתונה האָבען. אָבער ער האָט אפילו נישט געוואָלט הערען. ער האָט אויף זיי בייז אָנגעשריען און האָט זיי פארטריבען פון זיך.

אין א צייט ארום איז דער מלך געזעסען אין זיין גאָרטען אָנגעלעהנט אויף א שטוהל פון צעדער־האָלץ און האָט געקוקט פון ווייטען ווי זיינע דינער טראָגען אין פּאַלאַץ אריין אלע פרוכ־טען, וואָס זיי האָבען צוגענומען פון דעם פאָלקס גערטנער. פּלוצלונג איז געקומען צולויפען א פויגעל, וואָס דער קעניג האָט נאָך אזעלכען קיינמאָל נישט געזעהן. דער פויגעל האָט זיך אראָפּגעלאָזט צום קעניג'ס קני און האָט אנידערגעלייגט אויף זיין האנט א האָר און איז אוועקגעפלויגען. דער מלך האָט גענומען די האָר און האָט געזעהן אז זי איז א גאָלדענע. אקעגען דער זון האָט זי געגלאנצט און האָט אויסגעזעהן ווי א גאָלדענער שטראַל.

האָט דער מלך באַלד געשיקט רופען זיינע ראַטגעבער און האָט צו זיי געזאָגט:

— איהר האָט מיך געראַטען איך זאָל חתונה האָבען און איך האָב אייך נישט געוואָלט הערען. איצט האָב איך זיך איבער־געמעכענט און איך וועל חתונה האָבען מיט דער מיידעל, וועמעס האָר דאָס איז. איהר דארפט מיר געפינען די מיידעל, אז נישט וועל איך אייך טויטען. נו, געהט דערפילט מיין באַפעהל.

האָבען זיך די ראַטגעבער זעהר דערשראָקען, וואָרים זיי האָבען ניט געוואוסט וואו צו געפינען די מיידעל, וואָס די גאָל־דענע האָר איז איהרע. האָבען זיי געזאָגט צום מלך:

— גרויסער הערשער, דו האָסט ביי זיך אזא קלוגען ראַט־געבער ווי ר' חנינא, באַפעהל איהם, וועט ער געפינען די מייד־על וואָס די גאָלדענע האָר איז איהרע.

און געטראַכט האָבען זיי ביי זיך: ר' חנינא וועט די מיידעל נישט געפינען און דער מלך וועט איהם דערפאַר טויטען, וועלען מיר דערווייל פּטור ווערען פון איהם.

האָט דער מלך געשיקט רופען ר' חנינא'ן, און ער איז געקומען.

— חנינא, — האָט דער מלך צו איהם געזאָגט, — איצט איז געקומען די צייט זאָלסט באווייזען ווי גרויס דיין קלוגשאַפט איז: געפין די מיידעל וואָס די גאָלדענע האָר איז איהרע און ברייננ זי צו מיר, וועל איך זי מאַכען פאַר דער מלכה פון ישראל. און טאָמער געפינסטו זי נישט, וועל איך דיך טויטען.

האָט ר' חנינא מיטגענומען דריי ברויט און צוועלף גולדען און האָט זיך געלאָזט אין וועג אריין. דעם ערשטען טאָג האָט ער זיך געלייגט שלאָפען אונטער א בוים, וואָרים ער איז מיעד געווען פון'ם וועג. הערט ער ווי א ראָב קראַקעט אויפ'ן בוים. קראַ־קראַ־קראַ־קראַ! האָט ר' חנינא פארשטאַנען, אז דער ראָב

אין הונגעריג, האָט ער איהם אַוועקגעגעבען איין ברויט פון זיינע דריי ברויטען. אויפ'ן צווייטען טאָג האָט ער באַגעגענט אַן אויסגעדאַרטען הונט, וואָס האָט געקוקט אויף איהם מיט ברע־נענדיגע אויגען. און ר' חנינא האָט דעם הונט אַוועקגעגעבען זיין לעצט ברויט. ער איז געגאַנגען ווייטער דורך פעלדער און וועלדער ביז ער איז געקומען צו אַ גרויסען טייך. זעהט ער ווי פישער האָבען געפאַנגען אַ פיש און ווי דער פיש צאַפּעלט זיך אין די נעצען. האָט ר' חנינא באַצאָהלט די פישער פאַר'ן פיש די צוועלף גילדען וואָס ער האָט מיט זיך געהאט און דעם פיש האָט ער צוריק אַריינגעלאָזט אין טייך אַריין.

און ר' חנינא איז ווייטער געגאַנגען ביז ער איז געקומען צו אַ ווייטען פרעמדען לאַנד. אין יענעם לאַנד איז דעם טאָג געווען אַ יום טוב און ר' חנינא האָט געזעהן ווי דאָס פאָלק איז געגאַנ־גען איבער די גאַסען און האָט געזונגען און האָט געלויבט זיין גוטע קעניגין. האָט ר' חנינא אָפּגעשטעלט איינעם פון'ם פאָלק און איהם געפרעגט:

— זאָג מיר, גוטער מענש, ווי זעהט אויס אייער קעניגין?

— אונזער קעניגין האָט בלויע אויגען ווי דער הימעל און גאָלדענע האָר ווי די זון און גוט איז זי ווי אַ מלאך. געלויבט איז אונזער קעניגין!

איז ר' חנינא געקומען צו דער קעניגינס פּאַלאַץ און האָט געבעטען מ'זאָל איהם אַריינלאָזען. האָבען זיך די דיענער פון איהם אויסגעלאַכט:

— פון וואַנעט קומסטו, פרעמדער מענש? דו ווייסט נישט ווי ביי אונז פיהרט זיך: ביי אונז קען יעדער זעהן די קעניגין ווען ער וויל און ער דאַרף זיך ביי קיינעם נישט אָנ־פרעגען. אונזער קעניגין האָט פאַר קיינעם קיין מורא נישט. זי טוט יעדען גוטס און יעדער טוט איהר גוטס.

איז ר' חנינא אַריינגעקומען צו דער קעניגין און האָט גע־זעהן אַז איהרע האָר זיינען פּונקט אַזעלכע ווי די גאָלדענע האָר וואָס דער פויגעל האָט געבראַכט דעם מלך פון ישראל, און ער האָט צו איהר געזאָגט:

— גוטע קעניגין, איך האָב געהערט ווי דאָס פאָלק זינגט דיר ליעדער און לויבט דיך איצט בין איך געקומען צו דיר פון ווייטען און איך וויל דו זאָלסט מיט מיר פאָהרען אין מיין לאַנד און חתונה האָבען מיט'ן מלך פון ישראל. נאָר דו מיט דיין גוטסקייט וועסט קענען ווייכער מאַכען זיין בייז הארץ און ליי־טערען זיין נשמה. ס'איז אַזוי באַשערט, וואָרים אַ פויגעל האָט געבראַכט צום מלך'ס קני דיינע אַ האָר.

אַז די קעניגין האָט דאָס דערהערט, האָט זי אויסגעשריען:

— איצט זעה איך שוין ,וואָס דער פויגעל האָט דאַמאָלס אויסגעריסען מיינע אַ האָר. איך בין איינמאָל געשטאַנען אין גאָרטען און געוואַשען מיין קאָפּ אין די קלאָרע וואַסערען פון'ם טייך, איז פּלוצלינג געקומען אַ פויגעל, אַזאַ וואָס איך האָב נאָך קיינמאָל זיין גלייכען נישט געזעהן, און ער האָט זיך געזעצט אויף מיין קאָפּ און האָט אויסגעריסען אַ האָר. גוט, איך וועל געהן מיט דיר, אָבער פריהער וויל איך דיך אויספּרואוּוען מיט צוויי זאַכען. ערשטענס, וויל איך זאָלסט מיר ברייננען אין אַט די צוויי קריגעלעך וואַסער, איין קריגעלע מיט גן־עדן וואַסער און דאָס צווייטע מיט גהינום וואַסער.

און די גוטע קעניגין האָט ר' חנינא'ן געגעבען די צוויי קריגעלעך. איז ער אַרויסגעגאַנגען אין דרויסען און האָט זיך געטראַכט: „וואו וועל איך נעהמען גן־עדן וואַסער און גהינום־וואַסער? איך בין פאַרלאָרען."

און ווי ער שטעהט אַזוי, דערהערט ער פּלוצלינג דאָס זעלבע ... קראַקען פון דעם ראָב, וואָס ער האָט איהם אַוועקגעגעבען דאָס ... ברויט. דער ראָב האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צו ר' חנינא'ן אויפ'ן אַקסעל און האָט גענומען פאָכען מיט די פליגעל. האָט ר' חנינא פאַרשטאַנען וואָס ער מיינט און ער האָט אָנגעבונדען די קרי... געלעך אויף זיינע ביידע פליגלען און האָט איהם אָפּגעלאָזט. דער ראָב האָט זיך אויפגעהויבען ביז איבער די וואָלקענס, דער... נאָך זיך אַראָפּגעלאָזט אין אַ טיפען טאָל און איז צוריקגעקומ... מיט ביידע קריגעלעך פול מיט וואַסער. ר' חנינא האָט די קריג... לעך אָפּגעבונדען פון'ם ראָב'ס פליגלען און האָט זיי אַריינגע... טראָגען אין דער קעניגינס פּאַלאַץ.

אַז די קעניגין האָט דערזעהן די צוויי קריגעלעך פול מיט... וואַסער, האָט זי געזאָגט:

— איך וויל דאָס וואַסער אויספּרואוּוען.

און זי האָט אַרויפגעגאָסען אַביסעל פון'ם וואַסער אויף... איהר האַנט און די גאַנצע האַנד האָט גענומען ברענען ווי מיט... העליש פייער. דערנאָך האָט זי אַרויפגעגאָסען אַביסעל גן־עד... וואַסער און די האַנד איז איהר באַלד געהיילט געוואָרען.

— און איצט, — האָט די קעניגין געזאָגט, — וויל איך דיך... אויספּרואוּוען מיט אַ צווייטער זאַך. איך בין אַמאָל געפאָהרע... אויפ'ן ים, האָב איך אומגערן אַריינגעוואָרפען אין וואַסער אַ... טייערען דימענטענעם רינג. אַז דו וועסט מיר איהם ברייננגען... וועל איך מיט דיר פאָהרען צו דעם מלך פון ישראל און ווע... מיט איהם חתונה האָבען.

איז ר' חנינא אַרויסגעגאַנגען צום ים און האָט זיך גע... טראַכט: נו, איצט איז שוין פאַרפאַלען. די גרונטען פון'ם י... זיינען נישט אויסצומעסטען, ווי וועל איך דאָרטען אויפזוכען דע... קעניגינס רינג?

אַזוי ווי ער טראַכט אַזוי, שלאָגט זיך אָן אַ כוואַליע אַ... זיינע פיס און ער דערזעהט דעם פיש, וואָס ער האָט אָפּגעקויפ... ביי די פישערס פאַר צוועלף גילדען. דער פיש האָט זיך געגעב... אַ וואָרף און האָט אויסגעשפּיגען דעם דימענטענעם רינג. ... חנינא האָט אָנגעהויבען אויפצוהויבען דעם רינג. איז אָנגע... קומען אַ קאַץ און האָט דעם רינג איינגעשלונגען. האָט ר' חנינ... שוין געוואָלט צוריקגעהן צו דער קעניגין און איהר זאָגען, אַז ע... קען דעם רינג נישט געפינען, אָבער אין דער מינוט איז אָנגעקו... מען יענער הונט, וואָס ר' חנינא האָט איהם אַוועקגעגעבען זיי... לעצט ברויט, און ער האָט צוריסען מיט זיינע שאַרפע ציינער ד... קאַץ אויף צווייען און דער רינג איז געבליבען ליגען לעבע... ר' חנינא'ן.

אַז די קעניגין האָט דערזעהן איהר רינג, האָט זי געהייסע... אָנלאָדען קעמלען מיט די פּרוכטען, געוועבס, גאָלד און זילבע... און איז מיט ר' חנינא'ן געפאָהרען קיין שומרון חתונה האָבע... מיט'ן מלך פון ישראל. און אַז דער מלך האָט זי דערזעהן, האָט... זיך דאָס ערשטע מאָל אויף זיין גאַנץ לעבען באַוויזען אַ שמייכע... אויף זיין געזיכט און ער איז געוואָרען אַ גוטער קעניג. און ר... חנינא'ן האָט ער געמאַכט פאַר'ן ערשטען מענשען פון לאַנ... נאָך'ן קעניג.

# טעג...

פון יצחק ראָנטש.

טעג אַזוי אומעדיג, נעכט אַזוי שווער,
ציהען זיך וואָכען, חדשים און יאָהרען.
דאַכט זיך דיר: אימעץ וועט קומען אַהער,
וועסט דו צוזאַמען מיט איהם ערגיץ פאָהרען.

ווערען דיר נמאס באַקאַנטע און פריינד, —
לויפסט דו פון אַלעם אַוועק אין דיין צימער.
דאַכט זיך דיר: אומעדיג שרעקליך איז היינט!
ווייסט דו ניט: ס'היט דיך דער אומעט דאָך אימער.

ריזיגע וועלטען — און דו אַזוי קליין.
שרעקען דיך, סטראַשען, די דונערס און בליצען.
זעהסט ביסט אַ קינד דו, וואָס קאָן ניט פאַרשטעהן —
רופסט דו פאָטער, וואָס זאָל דיך באַשיצען.

ערגעץ וואו, ערגעץ וואו, ווילסטו אַוועק,
ווילסט זיך פון אומעט באַפרייען, דעם שווערען —
ערגעץ וואו, הערשט דאָך ניט אייביג דער שרעק,
ערגעץ וואו, שיינען דאָך ליכטיגע שטערען...

# די ענטוויקלונג פון דעם דראָטלאָזען טעלעגראַף און טעלעפאָן

פון ל. סאַמאָילאָוו.

מיט 54 יאָהר צוריק האָט דער ענגלישער געלערנטער מאקסוועל געמאכט איינינע עלעקטרישע עקספערימענטען און איז ענדליך געקומען צו דעם באשלוס, אז אין דעם מאָמענט, ווען עס קומט ערגעץ פאָר אַן עלעקטרישער פונק, פארשפרייטען זיך פון איהם א באזונדער מין עלעקטראָ־מאגנעטישע כוואַליעס. די נאַטור פון אָט די כוואליע איז דיזעלבע, ווי די נאַטור פון ליכט און באוועגען זיך מיט דער זעלבער שנעלקייט. דער גאַנצער אונטערשיעד איז נאָר, וואָס די כוואליעס זיינען זעהר נעדיכטע, זיי קומען צו צעהנדליגער טויזענטער אין אַן אינטש, און די כוואליעס וואָס פארשפרייטען זיך פון אַן עלעקטרישען פונק, זיינען צו עטליכע פוס, זאָגאר צו עטליכע צעהנדליג פוס די לענג.

דער באַשלוס, צו וועלכען מאקסוועל איז געקומען, איז געווען א ריין טעאָרעטישער, אויפ'ן גרונד פון מאַטעמאַטישע אויסרעכענונגען, און צו דערווייזען, אַז אזעלכע כוואליעס פארשפרייטען זיך אין דער ווירקליכקייט האָט ער ניט געהאַט די מעגליכקייט. אָבער מיט 23 יאָהר שפעטער, האָט דער אידישער פראָפעסאָר הענריך הערץ אין דייטשלאנד באוויזען דורך עקספערימענטען, אַז אזעלכע כוואליעס פארשפרייטען זיך פאַקטיש פון יעדען עלעקטרישען פונק. און הערץ איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אויפגעבויעט אזא אַפאראט, וואָס איז באַשטאַנען פון צוויי טיילען; ווען מען האָט אין דעם ערשטען טייל געשאַפען אַן עלעקטרישען פונק, האָט זיך עס אויף א געוויסען אופן אָפּגערופען אויף דעם צווייטען טייל. דאָס איז דערפאַר, ווייל פון דעם ערשטען טייל האָבען זיך פארשפרייט עלעקטראָ־מאַגנעטישע כוואַליעס, וואָס האָבען עס געהאט די ווירקונג אויף דעם צווייטען טייל.

אָט די ענטדעקונג פון הערץ'ן האָט אָנגעמאכט א געוואַלדיגען רושם אין דער וויסענשאַפטליכער וועלט. די באַדייטונג פון דער ענטדעקונג איז געווען א דאָפּעלטע: אי א וויסענשאַפטליכע, אי א פּראַקטישע. ערשטענס האָט מען דאָ דורך עקספערימענטען דערוויזען די ווירקליכקייט פון א וויסענשאַפטליכער טעאָריע, וואָס איז געווען געבויט בלויז אויף מאַטעמאַטישע אויסרעכענונגען, און, צווייטענס, האָבען אָט די שטראַלען באַלד געפונען א פּראַקטישע אָנווענדונג.

אויב מען קען אין איין אָרט שאַפען אַן עלעקטרישען פונק און דאָס זאָל האָבען א ווירקונג אויף א סיסטעמא פון דראָטען, וואָס געפינט זיך אין אַן אנדער אָרט, הייסט דאָך דאָס, אַז מען קען אריבערשיקען סיגנאַלען. די פראַגע איז נאָר געווען, ווי אזוי מען זאָל עס מאַכען. און דארויף האָבען געארבייט פיעלע אינזשענירען און געלערנטע. און ענדליך האָט זיך דעם איטאַליענישען אינזשעניער גוגליעלמא מארקאָני איינגעגעבען צו באַשאַפען אזא אַפּאַראַט, וואָס זאָל באַשטעהן פון צוויי טיילען: דורך דעם ערשטען טייל שאַפט מען עלעקטרישע פונקען און מען פארשפרייט עלעקטרישע כוואַליעס, און דורך דעם צווייטען טייל נעמט מען אויף אָט די כוואליעס אלס באַשטימטע סיגנאַלען, וואָס דריקען מיט זיך אויס ווערטער און פראַזען. ווען מען לאָזט, צ. ב., אין דעם ערשטען טייל א לענגערען פונק, הערט מען אין צווייטען טייל א לענגערען סיגנאַל, און אַז מען לאָזט א קורצערען פונק, הערט מען א קורצערען סיגנאַל. און אָט די קאָמבינאַציע פון לענגערע און קורצערע סיגנאַלען שטעלען עס מיט זיך פאָר דעם טעלעגראַפישען אלף־בית. און דאָס איז געווען דער דראָטלאָזער טעלעגראַף.

עס איז כדאי דאָ צו באַמערקען, אַז ערפונדען האָט מארקאָני דעם דראָטלאָזען טעלעגראַף אין איטאַליען, אָבער די איטאַליענישע רעגירונג האָט איהם ניט געוואָלט שענקען נענוג אויפמערקזאַמקייט, און דאַן איז ער געווען געצוואונגען צו פאָהרען קיין ענגלאַנד, וואו מען האָט איהם ארויסגעהאָלפען מיט ראַט און טהאַט. און דאָרטען, אין לאָנדאָן, איז עס צום ערשטען מאָל אויסגעפּרובירט געוואָרען דער אַפּאַראַט, פריהער אויף א קורצע שטרעקע, דערנאָך אויף א לענגערע, און דערנאָך ווידער אויף א לענגערע, ביז די עלעקטרישע כוואַליעס האָבען אריבערגעשפּרונגען דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן. און מיט איינינע מאָנאַטען צוריק האָט מען אין לאָנדאָן צום ערשטען מאָל ערהאַלטען דורך דעם דראָטלאָזען אַפּאַראַט א טעלעגראַמע, וואָס איז ארויסגעשיקט געוואָרען פון אויסטראַליען, ד. ה., אויף א שטרעקע פון 12 טויזענד מייל. ארום און ארום דעם גאַנצען ערד־קוגעל איז קארגע 25 טויזענד מייל, הייסט עס, אַז די טעלעגראַמע, וואָס איז ארויסגעשיקט געוואָרען פון אויסטראַליען איז ארומגעגאַנגען א האַלבען ערד־קוגעל פון איין זייט, און צו דער זעלבער צייט א האַלבען ערד־קוגעל פון דער צווייטער זייט. מיט אַנדערע ווערטער, הייסט עס, אַז איצטער איז דאָ א מעגליכקייט ארויסצושיקען א דראָטלאָזע טעלעגראַמע וואָס זאָל זיך פארשפרייטען איבער דעם גאַנצען ערד־קוגעל.

צו דערזעלבער צייט האָט זיך די דראָטלאָזע טעלעגראַפי ענטוויקעלט אויך אין אַן אַנדער ריכטונג. פון יעדען אַפּאַראַט פאַר דראָטלאָזע טעלעגראַפי קומען ארויס צוויי דראָטען. איינעם פון זיי הייננט מען אויף צווישען צוויי הויכע מאַסטען (מען רופט עס „אַנטענאַ“), און דעם צווייטען גראָבט מען אריין אין דער ערד. און דאָס איז דער וועג דורך וועלכען די עלעקטרישע כוואַליעס פארשפרייטען זיך. אויף א שיף קען מען דעם צווייטען דראָט אין דער ערד ניט אריינגראָבען, לאָזט מען איהם אריין אין וואַסער, און די ווירקונג איז דיזעלבע. אָבער מיט עטליכע יאָהר צוריק האָט מען ערפונדען א מיטעל צו שיקען און ערהאַלטען דראָטלאָזע טעלעגראַמעס זאָגאַר פון א פליהענדען עראָפּלאַן, וואָס איז ניט פארבונדען ניט מיט דער ערד און ניט מיט'ן וואַסער. און דאָס איז געווען א זעהר וויכטיגער פּראָגרעס אין דער ענטוויקלונג פון דראָטלאָזער טעלעגראַפי.

צו דער זעלבער צייט האָט זיך געהאַלטען אין ענטוויקלען דער דראָטלאָזער טעלעפאָן. אין אַנפאַנג פון דעם פארגאַנגענעם זומער האָט מען גערעדט דורך דעם דראָטלאָזען טעלעפאָן צווישען אַמעריקאַ און ענגלאַנד, אויף א שטרעקע פון 3000 מייל. ווען פּרעזידענט ווילסאָן איז געפאָהרען קיין פראַנקרייך אויף דער שיף „דזשאָרדזש וואַשינגטאָן“, האָט ער געהערט מוזיק, וואָס מען האָט געשפּיעלט נעבען וואַשינגטאָן, ווען דער פּרעזידענט האָט זיך געפונען אין מיטען אָקעאַן, מעהר ווי טויזענד מייל ווייט פון אַמעריקאַ.

דאָס לעצטע וואָרט אויף דעם געביט פון דראָטלאָזע טעלעפאָני זעהט אויס צו זיין פאָלגענדעס: א מאַן מיט'ן נאָמען וו. וו. מאַקפאַרלאַן פון פילאַדעלפיא, האָט מיט איינינע מאָנאַטען צוריק ערפונדען א זעהר איינפאַכען און קליינעם אַפּאַראַט פאַר דראָטלאָזע טעלעפאָני. מיט דעם אַפּאַראַט האָט ער זיך אריינגעזעצט אין אַן אָטאָמאָביל און פאָרענדיג האָט ער גערעדט מיט זיין פרוי, וועלכע איז געזעסען אין דער היים. גערעדט האָט ער מיט איהר אויף א שטרעקע פון 15 הונדערט פוס. די שטרעקע איז ניט קיין גרויסע, אָבער דער אַפּאַראַט איז אַזאַ קליינער, אַז יעדער מענש קען עס מיט־טראָגען מיט זיך. און ווי דער ערפינדער באַהויפּטעט קען מען די מאַטעריאַלען פאַר אַזאַ אַפּאַראַט קויפען פאַר 15 דאָלער. און ווען אָט די ערפינדונג זאָל זיך ענטוויקלען, קענען מיר אין גיכען האָבען אַפּאַראַטען פאַר דראָטלאָזע טעלעפאָניע וואָס זאָלען קומען אין דער פאָרם פון שטעקען, רעגען־שירעם אָדער אַנדערע עהנליכע זאַכען, מיט וועלכע מען זאָל קענען רעדען, אויב ניט זעהר ווייט, אין אַם וועניגסטען אין די גרענעצען פון א גרויסער שטאָט.

# זיצונגען פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע א. ר.

דער רעגולער מאנאטליכער מיטינג פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע ווערט ערעפענט זונטאג, דעם 7טען סעפטעמבער, אום 10.30 פריה, מיט פריינד אב עפשטיין אלס טשערמאן.

## צושריפטען.

פון בר. 207, אטלאנטא, דזשארדזשיא, שרייבען, אז זיי בויען אן אייגענעם ליבאר לייסעאום, וועלכער וועט אין גיכען געענדיגט ווערען. זיי לאדען איין צו שיקען א פארטרעטער צו דער ערעפנונג פון זייער היים, גלויבענדיג דאס מיט דער הילף פון א פארטרעטער וועט זיי געלינגען צו שאפען א פאסענדע סומע פאר אונזער 50 טויזענד דאל. רעליעף פאנד, באשלאסען איבערגעבען דעם צושריפט צו דער נאצ. ארגאניזאציאנס קאמיטע, וועלכע זאל נעהמען אין אנבאטראכט, אויב ס'וועט מעגליך זיין צו אויסנוצען דעם זעלבען פארטרעטער אויך פאר ארגאניזאציאנס צוועקען.

---

פון די סיגארעט מייקערס יוניאן — וועגען דער פראגע פון פר. וועבער, פון בר. 50, אין באצוג אונזער פארשלאג ארייננעהמען אין דער יוניאן, ערקלערען זיי, אז זיי האבען ניט קיין גענוגענדע קאנטראל איבער דעם איינציגען יוניאן שאפ אין ניו יארק און אונטער די אומשטענדען האבען זיי ניט די מאכט צו צווינגען דעם באס ארויפצונעהמען דעם אדער יענעם ארבייטער. זיי באדויערען דעם פאקט, וואס זיי זיינען מאכטלאז צו באוויליגען אונזער פארלאנג. עס ווערט באשטימט איבערצוגעבען די זאך צו דער גריוועגס קאמיטע, וועלכע זאל די פראגע אונטערזוכען און באריכטען צו דער נאצ. עקזעקוטיווע.

---

פון די „פריענדס אוו סאוועט ראשיא" — בעטען צו שיקען צוויי פארטרעטער צו דער קאנפערענץ וואס וועט אפגעהאלטען ווערען דעם 10טען סעפטעמבער, צו פארהאנדלען די פראגע, ווי צו שאפען א ברייטע באוועגונג וואס זאל העלפען ארונטערנעהמען די בלאקאדע פון דער רוסישער סאוועטען רעגירונג. — ערוועהלט פריינדע אב. עפשטיין און פ. געליעבטער.

פון פר. ד. זארין — ער קלאגט אן די דעטראיט קאנווענשאן קאמיטע פאר ניט אויסצאהלען איהם $152.25 פאר די סואווענירס וואס זיי האבען ביי איהם געארדערט צו דער קאנווענשאן. — באשלאסען דאס איבערגעבען צו דער אפיס קאמיטע, וועלכע האנדעלט וועגען באוויליגען א געוויסע סומע פאר דער קאנווענשאן קאמיטע צו דעקען זייערע איבריגע חובות.

---

פון דער פעדעראציע פון אידישע קא־אפעראטיווע פאראיינען — בעטען צו ערוועהלען צוויי פארטרעטער צו זייער 3טער קאנווענשאן, וואס וועט אפגעהאלטען ווערען דעם 26טען, 27טען און 28טען סעפטעמבער. — אלס פארטרעטער ווערען ערוועהלט פריינדע הערשקאוויץ און עבעריל.

---

פון די פאראייניגטע ברוקלינער ברענטשעס — שרייבען, אז זיי האבען באשלאסען אנצונעהמען מיט צופרידענהייט אונזער צושריפט, אין וועלכען עס ווערט באוויליגט א טעריטאריען קאנפערענץ פאר די ברוקלינער ברענטשעס. זיי האבען אויך באשטימט צו נעהמען זיך יעצט ענערגיש פאר דער ארבייט פון ביידע קאמפיינס — צו העלפען קריגען 20 טויזענד נייע מעמבערס און שאפען 50 טויזענד דאלאר פאר'ן רעליעף.

---

פון די „פריענדס אוו פרידאם אוו אינדיא" — בעטען אנצונעהמען א רעזאלוציע, וואס זאל צוגעשיקט ווערען צום פרעזידענט און צום קאנגרעס און אין וועלכער עס זאל אויסגעדריקט ווערען א פראטעסט געגען דעם פארזוך ארויסצושיקען פון אמעריקא קיין ענגלאנד א צאהל הינדוסען, וועמעס איינציגער פארברעכען באשטעהט אין דעם, וואס זיי האבען אויפגעאפפערט אלעס וואס זיי איז טייער צו באפרייען זייער לאנד פון'ם ענגלישען יאך. — באשלאסען צו באוויליגען זייער פארלאנג.

---

## קאמיטעס.

פון בר. 367 — לאדען איין דריי פארטרעטער צו זייער 10טען יעהרליכען יובילעאום וואס וועט געפייערט ווערען דעם 12טען אקטאבער. ערקלערען, אז זיי האבען באזונדער איינגעלאדען פריינד אב. עפשטיין, טשערמאן פון א. ר., י. באסקין, גענעראל סעקרעטער, פ. געליעבטער, רעקארדינג סעקרעטער און י. ב. ביילין, רעדאקטאר פון „פריינד". — באשלאסען באוויליגען זייער פארלאנג. ערוועהלט פריינד וואלאס, ראטהמאן און ראזענבלאט.

---

פון בר. 116, ניו ראשעל — ערקלערען, אז זיי האלטען אין בויען א ליבאר לייסעאום און זיי ווילען וויסען צי זיי זאלען נעהמען דעם טשארטער אויפ'ן נאמען פון ברענטש אדער אויף אן אנדער נאמען. — דער טשערמאן, פר. עפשטיין, ערקלערט דער קאמיטע, אז זיי זאלען זיך בעראטען וועגען דעם מיט א לאיער.

---

פון „פריענדס אוו סאוועט ראשיא" — בעטען צו ערוועהלען א פארטרעטער אין דער דעלעגאציע, וואס זיי וועלען שיקען קיין וואשינגטאן צו פאדערען, אז די בלאקאדע געגען דער רוסישער סאוועטען רעגירונג זאל ארונטערגענומען ווערען. זיי ערקלערען, אז פרענק וואלש וועט שטעהן אן דער שפיצע פון דער דעלעגאציע. זיי אפעלירען אויך צו שטיצען פינאנציעל זייער ארבייט. — עס ווערט באשטימט צו האנדלען וועגען זייער פארשלאג נאכדעם, ווי אונזערע פארטרעטער וועלן באריכטען פון זייער קאנפערענץ.

---

פון בר. 11 — בעטען אויפצונעהמען אן אפיעל פון זייער מעמבער מאקס ספעקטאר, וועלכער איז אמאל געוועזען באשולדיגט אין נעהמען קאמישאן פון סאניטאריום ארבייט. — דער טשערמאן ערקלערט דער קאמיטע, אז זיי דארפען זיך ווענדען וועגען דעם צו דער נאצ. גריוועגס קאמיטע.

---

מאיר לאנדאן, אונזער לעגאל אדווייזער ווענדעט זיך פערזענליך און ערקלערט, אז פונקט 1 פאראגראף „ד" פון קאנווענשאן רעפערענדום קען, לויט די געזעצען פון סטייט אינשורענס דעפארטמענט ניט אריין אין קראפט און דער פונקט מוז ערקלערט ווערען אלס ניט גילטיג. ער שטעלט דערביי צו פאלגענדען צושריפט:

„טייערע פריינדע: —

פונקט 1 אפאראגראף „ד" פון קאנווענשאן רעפערענדום לעזט זיך:

„אלע מעמבערס פון קלאס איינס, וועלכע זיינען אריין אין ארבייטער רינג ביז די פראטוירנאל רייטס איז אריין אין קראפט אין דעם עלטער פון 34 יאהר און העכער, זאל זייער מאקסימום רייט פאר'ן טויטען־בענעפיט פאנד זיין ניט מעהר ווי $1.76 פאר 400 דאלאר און דער באלאנס פון $4,609.84 זאל גוטגעמאכט ווערען פון דעם איינס פראצענט, וואס די נייע מעמבערס צאהלען איין ביי זייער אריינקומען אין ארבייטער רינג."

דער פונקט קען ניט אריין אין קראפט צוליעב פאלגענדע אורזאכען:

ווייל עס ווערט דארט ניט דערמאנט צו די צאהלונג פון $1.75 מיינט די רייט פער מאנאט, פער קווארטאל, אדער פער יאהר.

ווייל עס ווערט דארט ניט פארגעשריבען, ווען דער פונקט דארף אריין אין קראפט.

ווייל עס ווערט דארט ניט אנגעדייטעט צו דער אונטערשיעד פון זייערע צאהלונגען זאל גוטגעמאכט ווערען פון דעם איינס פראצענט פאנד וואס עקזיסטירט איצט, וועלכער איז א טייל פון דעם טויטען־בענעפיט פאנד, אדער עס מיינט, אז דער אונטערשיעד זאל גוט געמאכט ווערען פון די איינטריטס־געלדער, וואס וועלען שפעטער איינגעצאהלט ווערען.

ווייל ס'איז אויך ניט לייכט צו באשטרייטען די טענה, אז דער פונקט מאכט די 34 יעהריגע מיטגליעדער פאר אן אויסנאהם אין פארגלייך מיט אלע איבריגע מעמבערס, וועלכע זיינען יונגער פון זיי און איז אויף אזא אופן געגען דעם פונדאמענטאלען פרינציפ, וואס פאדערט גלייכהייט אין טראגען די לאסט.

מיט ברידערליכען גרוס, אייער,
(אונטערשריבען) מאיר לאנדאן."

נאך א לאנגער דעבאטע וועגען דער פרינציפיעלער זייט פון דער פראגע צו ערקלערען א פונקט פון א קאנווענשאן רעפערענדום אלס ניט גילטיג, ווערט באשלאסען, אז דארט וואו עס האנדעלט זיך וועגען נאכקומען די געזעצליכע פאדערונגען פון אינשורענס דעפארטמענטס פון פארשיעדענע סטייטס, קען ניט די עקזעקוטיוו און ניט די מיטגלידערשאפט נעהמען אויף זיך די אויטאריטעט צו האנדלען אנדערש, ווי אנצונעהמען די אויסטייטשונג פון אונזער לעגאל אדווייזער, אז דער פונקט קען ניט אריין אין קראפט. עס ווערט באשטימט ארויסצושיקען וועגען דעם א מעלדונג צו די ברענטשעס און איבערגעבען זיי א גענויע איבערזעצונג פון מאיר לאנדאן'ס צושריפט.

---

## באריכטען.

פריינד ל. ראטמאן באריכטעט, אז פריינדע עפשטיין, באסקין און ער זיינען געוועזען פארטראטען ביי דער קאנווענשאן פון ליבאר ליגע. אויך זיינען געוועזען פארטראטען פריינדע וואלבערג און בערנשטיין, וועלכע זיינען ערוועהלט געווארען ביי דער לעצטער קאנווענשאן אין

דעפּראַיִם. פריינדע עפּשטיין און באַסקין האָבען גערעדט ביי דער ערעפנונג פון דער קאָנווענשאָן און זיינען זעהר וואַרעם אויפגענומען געוואָרען. ביי אַ ספּעשעל זיצונג פון דער קאָנווענשאָן האָבען זיי איבערגעגעבען וועגען דער לעגאַל אַרבייט, וואָס ווערט געטאָן פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו צו מאַכען דעם ארבייטער רינג געזעצליך אין מאַסאַטשוסעטס סטייט. די דעלעגאַטען צו דער לייבאָר ליעג קאָנווענשאָן זיינען געווען איבערצייגט, אַז דער אַ. ר. פון זיין זייט טוט אַלעס מעגליכעס אין דער ריכטונג. פריינד ראָטמאַן זאָגט, אַז ער איז זיכער, דאָס אַי מיטגליעדער פון לייבאָר ליעג וועלען אויך ווייטער האָבען דעם צוטרוי אי צום אַ. ר. אי צו זייער אָרגאַניזאַציאָן. — פר. בערנשטיין איז קראַנק געוואָרען און איז די לעצטע צוויי טעג פון דער קאָנווענשאָן געשטאַנען אונטער די אויפזיכט פון אַ דאָקטאָר.

פר. עפּשטיין גיט צו צום באַריכט, אַז דער גייסט, וואָס האָט געהערשט ביי דער קאָנווענשאָן האָט איהם עראינערט אָן די קאָנווענשאָנס פון ארבייטער רינג. פון זייערע רעפּאָרטס האָט זיך אַרויסגעצייגט, דאָס אַבוואָהל זיי האָבען פיעל געליטען פון דער לעצטער אינפלוענציא־עפּידעמיע, זיינען דאָך זייערע פאָנדס געבליבען אין גוטען צושטאַנד. זיי האָבען זאָגאַר יעצט אַ סורפּלוס אין קראַנקען בענעפיט פאָנד. זיי זיינען לעצטען יאָהר געווען באַזונדערס טעטיג אויפ'ן געביעט פון עדיוקיישאַנאַל ארבייט, פון בויען לייבאָר ליויבעאומס און פון קאָ־אָפּעראַטיווע אונטערנעהמונגען. זיי האָבען באַשטימט צו טעקסען זיך דיזען יאָהר מיט 5 סענט פער מעמבער פער קוואַרטאַל פאַר עדיוקיישאַנאַל אַרבייט. אין פאַרלויף פון יאָהר האָבען זיי צוגעקראָגען 300 נייע מיטגלידער, וואָס איז אין פאַרגלייך מיט זייער גאַנצער מיטגלידערשאַפט זעהר אַ שעהנער געווינס. פר. עפּשטיין האָט זיי ערקלערט, אַז ס'איז די אַמביציע פון אַ. ר. צו ווערען געטשאַרטערט אין מאַסאַטשוסעטס סטייט, נאָר עס זיינען פאַראַן פיעלע שוועריגקייטען אויפ'ן וועג. ער האָט זיי געזאָגט, אַז ווען נאָך אַלע אָנשטרענגונגען וועט דאָך נים געלינגען דעם אַ. ר. צו קריגען אַ טשאַרטער אין מאַסאַטשוסעטס, האָבען זיי אויך ניט קיין אורזאַך צו זיין פּעסימיסטיש און זיי דאַרפען ווייטער אָנגעהן מיט דער טעטיגקייט פון לייבאָר ליעג. ער האָט זיך אויך ברייט אָפּגעשטעלט אויף די פּאַסירונגען אין אונזער סאַניטאַריום און ערקלערט, וואָרום מען האָט אַרויסגעשיקט זייער פּאַציענט פר. הייט.

דער רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען און ס'ווערט באַשלאָסען צו באַדאַנקען די פאַרטרעטער פאַר דער אַרבייט.

---

פר. ראָטמאַן באַריכטעט, דאָס ער איז געווען פאַרטראָטען ביי דעם באַנקעט פון דער אידישער נאַצ. פעדעראַציע, וואָס איז אַראַנזשירט געוואָרען צו פייערן די פינף יעהרליכע עקזיסטענץ פון די „נייע וועלט“ און אויסצואַרבייטען פּלענער, ווי צו שאַפען זייער 50 טויזענד דאָלאַר פאָנד. פון ביישטייערונג און פּלעדזשעס איז יענעם אָבענד געשאַפען געוואָרען אַרום $3,300. — באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

---

פר. עפּשטיין באַריכטעט, אַז די לעגאַל קאָמיטע האָט געהאַט אַ באַראַטונג מיט אונזער לעגאַל אַדוויזער, מאיר לאָנדאָן וועגען ווייטערדיגע ארבייט צו לעגאַליזירען דעם אַרבייטער רינג אין די איבריגע סטייטס. ער רעפּאָרטעט־פּראָגרעס אין דער ארבייט. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

---

פר. איבראַמס באַריכטעט, פון פּיפּעלס רעליעף, אַז די אַדמיניסטרייטאַן קאָמיטע האָט באַשטימט צו רופען אַ רעליעף קאָנווענשאָן אויף דעם 8טען, 9טען און 10טען נאָוועמבער. עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו צאָהלען די באַהן־הוצאות פון די דעלעגאַטען און אויך $5.00 א טאָג פאַר יעדען דעלעגאַט. יעדע נאַציאָנאַלע קערפּערשאַפט וועט זיין באַרעכטיגט צו שיקען 15 דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאָן. — באַריכט גוטגעהייסען.

## סעקרעטער'ס רעפּאָרט.

פר. געליעבטער גיט איבער דעם רעפּאָרט פון דזשענעראַל סעקרעטער, ווייל פר. באַסקין איז אויף וואַקיישאָן:

פאַר'ן רעליעף פאָנד איז צום 1טען סעפּטעמבער געווען אין אָפּיס $4,939.70. פאַר די מאָנאַטען יוני, יולי און אויגוסט פון דיזען יאָהר איז פאַר דעם פאָנד אריינגעקומען $4,833.59. לעצטען יאָהר איז פאַר די זעלבע דריי מאָנאַטען אריינגעקומען $2,987.89.

נייע מיטגלידער זיינען אין די מאָנאַטען יולי און אויגוסט אריינגעקומען 2395, לעצטען יאָהר זיינען אין פאַרלויף פון די זעלבע צוויי מאָנאַטען אריינגעקומען 1592 נייע מעמבערס. אורטיילענדיג פון די צוויי מאָנאַטען, קען מען ערוואַרטען, אַז ביידע קאַמפּיינס וועלען דיזען יאָהר זיין אַן ערפאָלג.

דאָס אויסצאָהלען פון קראַנקען בענעפיט קומט איצט צו אַ נאָרמאַלען צושטאַנד. אַזוי, צום ביישפּיעל, האָט מען פאַר די מאָנאַטען יולי און אויגוסט אין פאַרלויף פון די לעצטע פינף יאָהר אויסגעצאָהלט קראַנקען בענעפיט ווי פאָלגט: אין 1915 איז פאַר די צוויי מאָנאַטען אויסגעצאָהלט געוואָרען $23,280, אין 1916 איז אויסגעצאָהלט געוואָרען $25,458, אין 1917 איז אויסגעצאָהלט געוואָרען $28,011, אין 1918, איז אויסגעצאָהלט געוואָרען $22,389, אין 1919 איז אויסגעצאָהלט געוואָרען $25,200. ווען מען פאַרגלייכט אָבער די אויסגעצאָהלטע קראַנקען בענעפיט לויט דער מיטגליעדערשאַפט קומט אויס:

יולי, אויגוסט 1915 — 55 סענט פער מעמבער
" " 1916 — 56 " " "
" " 1917 — 53 " " "
" " 1918 — 41 " " "
" " 1919 — 40 " " "

פר. געליעבטער ערקלערט, אַז די רעזאָלוציע צו פאָדערען אַרונטערצונעהמען די בלאָקאַדע פון דער רוסישער סאָוועטען רעגיערונג איז איבערגעשיקט געוואָרען צו די „פריענדס אָוו סאָוועט ראַשיא“.

ער רעקאָמענדירט, אַז מען זאָל דעם אַסעסמענט אויף צו דעקען די דיוס פון די געדרעפּטעטע פאַרקלענערען פון 10 אויף 5 סענט פער קוואַרטאַל. ער דייטעט אָן, אַז דער פאָנד האָט איצט אַ סורפּלוס פון אַרום $3,000, אין 76טען קוואַרטאַל וועט פאַר דעם פאָנד קאָלעקטירט ווערען אַרום $6,000, אויף צו דעקען די דיוס פון די 12—11 הונדערט געדרעפּטעטע איז נויטיג אַרום $3,000. אַ 5 סענט אַסעסמענט וועט דאַרום דעקען די אויסגאַבען און דער פאָנד וועט נאָך בלייבען מיט אַ סורפּלוס.

---

עס ווערט באַשלאָסען צו פאַרקלענערען דעם אַסעסמענט פון דעם פאָנד פון 10 אויף 15 סענט, אָנפאַנגענדיג פון 77טען קוואַרטאַל. — דער באַריכט ווערט דאַן גוטגעהייסען.

---

## רעפּאָרט פון דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע.

פריינד דינערשטיין, טשערמאַן פון דער קאָמיטע באַריכטעט, אַז אין אַ געוויסער שטאָדט אין קענעדא האָבען 2 ברענטשעס ערקלערט, אַז זיי ווילען ניט זיין אין דער אָרטיגער סיטי קאָמיטע צוזאַמען מיט דעם פאַרטרעטער פון אַ דריטען שטאָדטישען ברענטש, וועלכער האָט זיך אין דער באַוועגונג פאַר דעם אידישען קאָנגרעס פאַראייניגט מיט אונגעווינשטע עלעמענטען. ס'איז באַשלאָסען געוואָרען צו ערלויבען אַז די פאַרטרעטער פון די 2 ברענטשעס זאָלען צוזאַמענשטעלען די אָרטיגע סיטי קאָמיטע.

אַ מעמבער פון ברענטש 121, פּעטערסאָן, האָט געבעטען צו טרענספערירען איהם אַלס מעמבער עט לאַרדזש, ווייל צוליעב דער פראַגע פון דער צוויי לום סיסטעם, קען ער צו קיין מיטינגען ניט קומען. נעהמענדיג אין אַנבאַטראַכט די ענטשיידונג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע וועגען עהנליכע פּעטערסאָנער קייסעס, האָט די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע באַשלאָסען זיין פאַרלאַנג ניט צו באַוויליגען.

שאָו קאַרדס פאַר'ן מעמבערשיפּ קאַמפּיין זיינען געדרוקט געוואָרען, און פונאַנדערגעשיקט צו אַלע דיסטריקט און סיטי קאָמיטעס. עס ווערט אויך אויסגעאַרבייט אַ ספּעציעלע דאַנקס רעזאָלוציאָן וואָס וועט געשיקט ווערען אין נאָמען פון דער עקזעקוטיווע צו די יעניגע וועלכע וועלען פאַרשלאָגען 5 אָדער מעהר נייע מיטגליעדער אין דער צייט פון דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין.

פריינד אַב. עפּשטיין איז געווען פאַרטראָטען ביי דער דיסטריקט קאָנפערענץ אין האַרטפאָרד. ס'איז דאַמאָלס אויך דאָרט געווען די קאָנפערענץ צו נאָמינירען קאַנדידאַטען פאַר דער נאַציאָנאַלער באָארד אָוו דירעקטאָרען. מען האָט איהם געשטעלט פראַגען וועגען די פּאַסירונגען אין סאַניטאַריום. ער האָט זיי איבערגעגעבען וועגען דער דאָרטיגער סיטואַציע, און האָט אונטערשטראָכען, אַז ווען אַ מיטגליעד ווערט אריינגענומען אין סאַניטאַריום, דאַרף ער זיך באַטראַכטען אַלס אַ פּאַציענט און ניט אַלס בעל הבית פון סאַניטאַריום, ווייל די פּאַציענטען קומען אַהין זיך קורירען און ניט פאַרוואַלטען דעם סאַניטאַריום. די קאָנפערענץ האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע צו שטיצען די שטעלונג פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע און פון דער עקזעקוטיוו אין באַצוג צו דער סאַניטאַריום פראַגע. אַ נייע דיסטריקט קאָמיטע איז ערוועהלט געוואָרען, וועלכע האָט פאַרשפּראָכען צו טאָן גוטע אַרבייט.

פריינד יודיטש איז געווען פאַרטראָטען ביי דער דיסטריקט קאָנפערענץ פון פּעטערסאָן. די 11 ברענטשעס פון דיסטריקט האָבען לעצטען יאָהר אריינגענומען פאַרהעלטניסמעסיג אַ קליינע צאָהל נייע מעמבערס, און די סומע וואָס, זיי האָבען געשאַפען פאַר'ן רעליעף איז געווען ניט קיין באַדייטענדע אין פאַרגלייך מיט זייער מיטגלידערשאַפט. ער האָט זיי אָנגעצייגט אַז פּעטערסאָן האָט אַ ברייט פעלד פאַר טעטיגקייט, און פיעלע נייע מיטגלידער קענען דאָרט אריינגענומען ווערען. די קאָנפערענץ האָט באַשלאָסען אַז די דיסטריקט קאָמיטע זאָל ברענגען די אָרטיגע אידישע שול אונטער זייער דירעקטע אויפזיכט. ס'איז ערוועהלט געוואָרען אַ נייע דיסטריקט קאָמיטע, וועלכע ער האָט אויפ'ן פּלאַץ אינסטאַלירט. זיי האָבען פאַרשפּראָכען צו טאָן גוטע אַרבייט אין דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין, און אויך אין דעם קאַמפּיין פאַר 50 טויזענד דאָלאַר פאַר די מלחמה־קרבנות.

פריינד גאַלינסקי איז געווען פאַרטראָטען ביי דער נױו הייווען דיסטריקט קאָנפערענץ. ס'זיינען דאָרט געווען פאַרטרעטער פון 6 דיסטריקט קאָנפערענץ. ס'זיינען דאָרט געווען פאַרטרעטער פון 6 16 בעאַמטע פון ברענטשעס און פיעלע זייטיגע מעמבערס. ווי עס האָט זיך אַרויסגעצייגט פון די רעפּאָרטס, האָט זיך ברענטש 434 מעהרסטענס אויסגעצייכענט אין דער טעטיגקייט פון לעצטען יאָהר. מאַנכע דעלעגאַטען האָבען זיך באַקלאָגט אַז דאָס וואָס ברענטש 484

מאַכט אַליין אונטערנעהמונגען, שטערט דאָס די אונטערנעהמונגען פון דער סיטי קאָמיטע. פיעל צייט איז אויך אַוועקגענומען געוואָרען וועגען דער סאַניטאַריום אַנגעלעגענהייט. נאָכדעם ווי די פראַגע איז ברייט דעבאַטירט געוואָרען, האָט די קאָנפערענץ אָנגענומען אַ רעזאָלוציע צו אינדאָסירען די האַנדלונג פון דער סאַניטאַריום און עקזעקוטיווע קאָמיטעס. זיי האָבען אויך באַשלאָסען צו אינסטרואירען די ניו הייווענער מעמבערס, וועלכע געפינען זיך אין סאַניטאַריום, אויסצופאָלגען די רולס און די פריינדליכע דיסציפּלין פון אונזער אינסטיטושאָן, אויב ניט וועלען זיי פון דאָרט אַרויסגענומען ווערען.

פריינד עפּשטיין איז געוועזען פאַרטראָטען ביי דער דיסטריקט קאָנפערענץ אין באַלטימאָר, וועלכע איז געוועזען גוט באַזוכט. אַלע ברענטשעס פון דיסטריקט זיינען געוועזען פאַרטראָטען. פראַגען וועגען פּלענער פאַר דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין, ווי אויך פאַר דעם קאַמפּיין פון אונזער 50 טויזענד דאָלאַר רעליעף פאָנד זיינען ברייט דיסקוטירט געוואָרען. ס'איז ערוועהלט געוואָרען אַ נייע דיסטריקט קאָמיטע פון 11, וועלכע ער האָט אינסטאַלירט. אורטיילנדיג פון דעם עלעמענט וואָס איז ערוועהלט געוואָרען אין דיזער קאָמיטע, קען מען ערוואַרטען אַז זיי וועלען די אַרבייט דורכפיהרען מיט ערפאָלג, און זעהן אַז זייער דיסטריקט זאָל ניט בלייבען הינטערשטעליג אין די רעזולטאַטען פון די ביידע קאַמפּיינס. ס'איז דאַמאָלס אויך אָפּגעהאַלטען געוואָרען די קאָנפערענץ צו נאָמינירען די קאַנדידאַטען פאַר דער נאַציאָנאַלער באָארד אָוו דירעקטאָרען. אַלס קאַנדידאַטען זיינען נאָמינירט געוואָרען פריינדע פּערלאָוויץ און בראָידי. די געלדער וואָס זיי האָבען קאָלעקטירט פאַר'ן רעליעף האָבען זיי איבערגעגעבען צו דער אָרטיגער רעליעף קאָמיטע. די וואַשינגטאָנער ברענטשעס זיינען אויך געוועזען פאַרטראָטען ביי דער קאָנפערענץ. די קאָנפערענץ האָט געוואָלט האָבען אַ סיטי סענטראַל קאָמיטע פון אַלע שטאָדטישע ראַדיקאַלע אָרגאַניזאַציאָנען. פריינד עפּשטיין האָט זיי אָנגעצייגט אַז ס'איז דורכאויס ראַטזאַם און צוועקמעסיג צו האָבען בלויז אַ סיטי קאָמיטע פון אַרבייטער רינג ברענטשעס.

פריינד קרינסקי איז געוועזען פאַרטראָטען ביי דער האַדסאָן קאונטי דיסטריקט קאָנפערענץ. ס'זיינען געוועזען פאַרטראָטען 7 ברענטשעס דורך 22 דעלעגאַטען. דער סעקרעטער פון דער פריהערדיגער קאָמיטע האָט אָפּגעגעבען אַ רעפּאָרט פון דער אַרבייט פון לעצטען טערמין. פריינד קרינסקי האָט זיין איבערגעגעבען די קוואָטאָ פאַר'ן מעמבערשיפּ קאַמפּיין. די נייע ערוועהלטע קאָמיטע האָט פאַרזיכערט, אַז זיי וועלען שאַפען די צאָהל נייע מיטגליעדער, וועלכע עס קומט אויס פּראָפּאָרציאָנעל אויף זייער חלק.

די בעיאָנער ברענטשעס האָבען פאַרלאַנגט אַז מען זאָל זיי באַוויליגען אַ באַזונדערע סיטי קאָמיטע. ס'איז באַשלאָסען געוואָרען פאַרלויפיג קיין נייע קאָמיטע דאָרט ניט צו גרינדען.

פריינד באַסקין איז געוועזען פאַרטראָטען ביי דער ניו יאָרקער סיטי קאָנפערענץ. דער סעקרעטער פון דער פריהערדיגער סיטי קאָמיטע האָט אָפּגעגעבען אַ באַריכט פון זייער טעטיגקייט, וועלכע האָט געצייגט אַז ניו יאָרק האָט דעם לעצטען מעמבערשיפּ קאַמפּיין גענומען אַ זעהר אַקטיווען אַנטייל. די רעזולטאַטען פון זייער אַרבייט זיינען אויך געוועזען גלענצענד. אַ נייע סיטי קאָמיטע פון 25 איז ערוועהלט געוואָרען, און די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע וועט זיי קירצליך אינסטאַלירען.

פון דענווער, קאָלאָראַדאָ, איז אָנגעקומען אַ בריעף אַז מען זאָל זיי ערלויבען צו גרינדען דאָרט נאָך אַ ברענטש. די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע קאָמיטע האָט זייער פאַרלאַנג צוריקגעוויזען אויף דעם גרונד דאָס אין דענווער איז ניטאָ קיין פּלאַץ פאַר 2 ברענטשעס.

ברענטש 135, פילאַדעלפיא האָט זיך נאָכאַמאָל געווענדעט וועגען דעם אַז מען זאָל זיי אויסצאָהלען די 50 סענטיגע פאַר די מעמבערס, וועלכע האָבען זיך ניט טרענספערירט אין צייט פון זייער ברענטש, מיט דער צושטימונג פון דעם דזשענעראַל אָפיס. ס'איז באַשלאָסען געוואָרען צו בלייבען ביי דעם פריהערדיגען באַשלוס, און זייער פאַרלאַנג ניט באַוויליגען, ווייל די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע האָט אַ רעכט צו טרענספערירען מעמבערס צו יעדער צייט ווען זי געפינט פאַר נויטיג.

ברענטש 220, טאָראָנטאָ, האָט געשריבען, אַז צווישען זייערע מיטגלידער אַרבייטער און באָסעס קומען פאָר רייסערייען צוליעב דעם דאָרטיגען קלאָוק מייקערס סטרייק. איינער פון די בעאַמטע האָט רעקאָמענדירט צו מאַכען די מעמבערס אַלס מעמבערס עט לאַרדזש. דער ברענטש איז באַאויפטראַגט געוואָרען צו רופען אַ ספּעשעל מיטינג וועגען דעם, און נעהמען אַ שטעלונג וועגען דער אַנגעלעגענהייט.

די ניי־ערוועהלטע סיטי קאָמיטע פון מאָנטרעאַל האָט זיך געשטעלט אַלס ציעל צו שאַפען 1000 נייע מיטגלידער אין דעם יעצטיגען קאַמפּיין. זיי האָבען שוין אַריינגענומען 50 נייע מעמבערס איידער דער אמת'ער קאַמפּיין האָט זיך אָנגעפאַנגען.

---

פרייטאָג, דעם 8טען אויגוסט איז ער (דינערשטיין), געוועזען אין סיראַקיוז. דער סעק. פון דער סיטי קאָמיטע האָט רעפּאָרטעט, אַז זיי האָבען געטאָן דאָס בעסטע אונטער די אומשטענדען פאַר לעצטען יאָהר. ער באַריכטעט אויך, אַז בר. 274 האָט זיך צוריקגעצויגען פון דער סיטי קאָמיטע, ווייל זיי ווילען ניט, אַז אַ געוויסער מעמבער פון בר. 19, פר. איזיקס, זאָל זיין אין דער קאָמיטע. דער טרייעל האָט זיך אָנגעפאַנגען צוליעב פאָלגענדע אורזאַכען: דער מעמבער פון בר. 19 האָט אונטערזוכט די ביכער פון דער קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי און געפונען, אַז עס פעהלט אַ געוויסע סומע געלד. דער מענעדזשער פון דער בעקעריי איז געווען פר. וואָלפסאָן פון בר. 274. נאָך דעם איז ערוועהלט געוואָרען אַ קאָמיטע, וועלכע האָט אַריינגעבראַכט אַ רעזאָלוציע, אַז זיי גלויבען, דאָס פר. וואָלפסאָן האָט דאָס געלט ניט פאַרנומען, נאָר ער האָט געוויסע זאַכען ניט אַריינגעשריבען אין די ביכער; זיי שענקען דעם בעסטען צוטרויען צו פריינד איזיקס פאַר זיין ערענטליכע אונטערזוכונג. עס האָט אויך פּאַסירט דאָס פר. וואָלפסאָן איז געוועזען דער מענעדזשער פון רעליעף, ער האָט געגעבען פאַר 18 דאָל. סטעמפּס צו איינעם און ער האָט געקליימט אַז יענער האָט איהם ניט באַצאָהלט. פר. צימערמאַן פון בר. 19 האָט געטראָפען יענעם פערזאָן אין סטריט און יענער האָט איהם געזאָגט, אַז ער האָט איהם יאָ באַצאָהלט ביי אַ געוויסען מיטינג וואו עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען בילדען אַ לייבאָר ליסעאום. נאָך דיזען מיטינג ווען זיי זיינען אַרויס אין סטריט האָט פר. צימערמאַן געזאָגט צו וואָלפסאָנען, אַז ער זאָל אַזוי גוט זיין און באַצאָהלען די 18 דאָלאַר צו די רעליעף. פר. וואָלפסאָן האָט דאַן פאַרקלאָגט אין קאָורט פר. צימערמאַנען פאַר $10,000 דעמעדזשעס. נאָך דעם האָט בר. 274 אַריינגעבראַכט אַ קלאַגע געגען איזיקס'ען פאַר פאַרלוימדען פריינד וואָלפסאָנען און דערפאַר זאָל ער צוריקגעצויגען ווערען פון דער סיטי קאָמיטע. די סיטי קאָמיטע האָט ערקלערט דעם ברענטש אויב זיי ווילען אַז דיזע קלאַגע זאָל פאַרהאַנדעלט ווערען, זאָל וואָלפסאָן צוריקציהען פון קאָורט די קלאַגע געגען צימערמאַנען, און האַנדלען ווי אַ מעמבער פון אַרב. רינג דאַרף האַנדלען. פר. וואָלפסאָן, זייענדיג טשערמאַן פון בר. האָט דיזע פראַגע ניט אויפגענומען און דער ברענטש האָט גוט געהייסען די האַנדלונג פון טשערמאַן. דערפאַר האָבען זיי די קלאַגע ניט אויפגענומען. ביי דיזען מיטינג איז אויך געוועזען אַ קאָמיטע פון בר. 274, וועלכע האָבען פאַקטיש ניט אָפּגעלייקענט דיזען באַריכט. אין דער קאָמיטע איז געוועזען פר. וואָלפסאָן.

פר. דינערשטיין האָט זיי דאַן ערקלערט, זיי האָבען פאַרבראָכען די קאָנסטיטושאָן וואו עס זאָגט, אַז אַ מעמבער האָט אַ קלאַגע געגען אַ מעמבער, מוז ער איהם פאַרקלאָגען צום ערשטען אין אַרב. רינג. דער אַרב. רינג וואָלט זיכער געהאַנדעלט ריכטיג. און איך האָב זיך אַנטזאַגט אויפצונעהמען די צווייטע קלאַגע געגען איזיקס'ען, אויב וואָלפסאָן וועט ניט צוזאָגען צוריקצוציהען די קלאַגע פון קאָורט.

שבת, דעם 9טען אויגוסט, איז געוועזען אַ פאָרטזעצונג פון'ם מיטינג. פר. וואָלפסאָן האָט זיך אַנטזאַגט צוריק־צוציהען די קלאַגע פון קאָורט. פר. דינערשטיין האָט צו זיי אַפּעלירט צו זיין פאַרטראָטען אין דער סיטי קאָמיטע, ער האָט זיי אויך ערקלערט, אַז אויב זיי וועלען שיקען אַנדערע דעלעגאַטען צו דער סיטי קאָמיטע, וועלכע זיינען ניט פאַרמישט אין די קריגערייען, וועט ער נוירקען, אַז פר. איזיקס זאָל זיך צוריקציהען פון דער סיטי קאָמיטע. פר. איזיקס האָט זיך צוריקגעצויגען און אַלע ברענטשעס וועלען יעצט שיקען דעלעגאַטען צו דער סיטי קאָמיטע. ער האָט גערעדט צו זיי וועגען ביידע קאַמפּיינס און זיי האָבען צוגעזאָגט צו טאָן גוטע אַרבייט. אַ טעטיגע און שעהנע אָרגאַניזאַציע איז דער דאָרטיגער ליידיס ברענטש.

זונטאָג, דעם 10טען אויגוסט איז ער געוועזען אין ראָטשעסטער. זיי האָבען געטאָן אַלס וואָס זיי האָבען געקענט אונטער די אומשטענדען. זיי וועלען דיזען יאָהר טאָן מעהר. זיי בויען אַ לייבאָר ליסעאום. זיי האָבען אויך געגרינדעט אַ קינדער שולע, וואו זיי האָבען 50 קינדער. זיי האָבען אויך געעפענט אַ קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי. ער, (פר. דינערשטיין) האָט גערעדט צו זיי וועגען ביידע קאַמפּיינס. זיי האָבען זיך פאַרפליכטעט צו טאָן גוטע אַרבייט אין באַצוג דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין און צו שאַפען 1 דאָלאַר פער מעמבער פאַר'ן רעליעף. ער האָט אויך גערעדט אין שול צו די קינדער און ביי אַ פּיקניק פון דער קאָאָפּעראַטיוו האָט ער גערעדט וועגען די וויכטיגקייט פון אַזאַ אונטערנעהמונג. ער האָט אינסטאַלירט די סיטי קאָמיטע, פון וועלכער פר. שולמאַן איז ערוועהלט געוואָרען סקרעטער.

פר. יודיטש איז געוועזען פאַרטראָטען ביי דער סיטי קאָנפערענץ פון פילאַדעלפיא. זיי האָבען געוואָלט, אַז די סיטי קאָמיטע זאָל ערוועהלט ווערען פון פאַרטרעטער פון די ברענטשעס, נאָר ער האָט זיי ערקלערט דעם באַשלוס פון דער נאַצ. אָרג. קאָם., אַז דאָרט, וואו ס'זיינען פאַראַן 10 אָדער מעהר ברענטשעס, דאַרף די סיטי קאָמיטע ערוועהלט ווערען דירעקט פון דער קאָנפערענץ. אַזאַ סיטי קאָמיטע איז ערוועהלט געוואָרען און פר. יודיטש האָט זיי אינסטאַלירט.

פר. דינערשטיין ערקלערט, אַז ס'איז לעצטענס אָרגאַניזירט געוואָרען אַ נייע דיסטריקט קאָמיטע אין ניו לאָנדאָן, וועלכע נעמט אַריין קאָלטשעסטער און נאָרוויטש.

רעפּאָרט פון דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

---

## רעפּאָרט פון דער נאַציאָנאַלער בנעפיט קאָמיטע.

אויף דעם פאַרלאַנג פון די נאַציאָנאַלע באָארד אָוו דירעקטאָרען, איז נאָכאַמאָל פאַרהאַנדעלט געוואָרען די קיים וועגען די בענעפיט פון אַ מעמבערין פון אַ דעטראָיטער ברענטש, וואָס איז מיט אַ צייט צוריק צוריקגעוויזען געוואָרען אויף דעם גרונד וואָס זי האָט געליטען פון אַ פריוען קראַנקהייט. נאָכקוקענדיג די גאַנצע קאָרעספּאָנדענץ און די רעקאָמענדאַציאָנען פון אונזער מעדיקאַל עדווייזאָר,

באארד, און אויך פון אונזער עקספערט דאקטאר, מיט וועמען מיר באראטען זיך וועגען אזעלכע קייסעס, איז באשטימט געווארען צו בלייבען ביי׳ם פריהערדיגען באשלוס.

פריינד יאקאבי מאכט אויפמערקזאם אז א קאנדידאט איז פארגעשלאגען געווארען אין א געוויסען ברענטש אין ניו יארק. דער באטרעפענדער האט א הויקער, און דר. לאסאווסקי וועלכער האט איהם אונטערזוכט, האט רעקאמענדירט אז ער זאל נאכאמאל אונטערזוכט ווערען פון 2 דאקטוירים, וועלכע זיינען באשטימט געווארען פאר די ריעקזאמיניישאן וואס קומט פאר יעדען מאנאט. זיי האבען זיך ענטזאגט דעם באטרעפענדען צו אונטערזוכען, ערקלערענדיג, אז זיי רעקאמענדירען ניט אריינצונעהמען א מענש מיט א הויקער אין ארבייטער רינג. די בענעפיט קאמיטע האט באשלאסען ברענגען די פראגע צו דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו, צו אונזערע דאקטוירים קענען אויף אזא גרונד זיך ענטזאגען צו ריעקזאמינירען א קאנדידאט, און צו זאלען אזעלכע קאנדידאטען ווירקליך צוריקגעוויזען ווערען. — עס ווערט באשטימט גוטצוהייסען די האנדלונג פון די דאקטוירים.

די בענעפיט קאמיטע האט פארהאנדעלט די פראגע ווי פאנאנדערצוטיילען די $5000 וואס זיינען באשטימט געווארען פון לעצטען קאנווענשאן פאר האספיטאלס. ס׳איז באשטימט געווארען אנצופרעגען ביי די דיסטריקט קאמיטעס פון די גרעסערע שטעדט צי ביי זיי זיינען פאראן האספיטאלס מיט וועלכע ארבייטער רינג מעמבערס באנוצען זיך מעהרסטענס, און וועלכע זיי וואלטען רעקאמענדירט צו שטיצען. עס איז באשלאסען געווארען אנפרעגען די פאלגענדע דיסטריקט קאמיטעס: שיקאגא, פיטסבורג, ראטשעסטער, דעטראיט, נוארק, באלטימאר, פילאדעלפיא און קליוולאנד. נאכדעם ווי די ענטפערס וועלען פון די דיסטריקט קאמיטעס ערהאלטען ווערען, וועט די בענעפיט קאמיטע זיך באראטען מיט די מעדיקאל עדוויזערי באארד צו זעהן אויסארבייטען א פלאן ווי די באשטימטע סומע צו צוטיילען.

פריינד יאקאבי ערקלערט אז פריינד אראנסאן האט ניט אטענדעט די לעצטע 3 מיטינגען פון דער בענעפיט קאמיטע. א בריעף איז צו איהם געשיקט געווארען אין וועלכען מען האט איהם אויפמערקזאם געמאכט אז לויט אונזער קאנסטיטושאן קען א מעמבער אויסגשלאסען ווערן פאר ניט באזוכען די מיטינגען פאר 3 וואכען נאכאנאנד. פריינד אראנסאן האט אויף דעם בריעף ניט געענטפערט, און די בענעפיט קאמיטע רעקאמענדירט צו־צונעהמען אויף זיין פלאץ דעם נעקסטען אויפ׳ן באלאט.

די אלבאני דיסטריקט קאמיטע האט געלאזט וויסען, אז זיי האבען אונטערזוכט די פראגע וועגען די בענעפיט פון בר. 117, סקענעקטעדי, און רעקאמענדירט די בענעפיט אויסצוצאהלען (זעה רעפארט פון לעצטען מאנאט.) די בענעפיט קאמיטע האט באריכטעט אנצונעהמען זייער רעקאמענדיישאן.

רעפארט פון דער בענעפיט קאמיטע ווערט גוטגעהייסען.

## רעפארט פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע.

פריינד גאלינסקי, וויס־טשערמאן פון דער קאמיטע, באריכטעט, אז די טאראנטא דיסטריקט קאמיטע האט איבערגענומען די 3 שולען אונטער זייער אויפזיכט. זיי האבען געבעטען א בודזשעט פאר די שולען. ס׳איז פאר זיי באוויליגט געווארען $750.00.

כמעט אלע ארבייטער רינג שולען איבער׳ן לאנג וואס זיינען געגרינדעט געווארען אין פארלויף פון לעצטען יאהר, געפינען זיך אין א גוטען און בליהענדען צושטאנד. בלויז די שיקאגא שולען האבען א היבשען דעפיציט. די עדיוקיישאנאל קאמיטע האט זיי איבערגעגעבען די באדינגונגען מיט וועלכע די ארבייטער רינג שולען אין ניו יארק ווערען געפיהרט, און זיי אויפמערקזאם געמאכט אז זיי זאלען זעהן פיהרען זייערע שולען אין די ראמען פון זייער איינקונפט.

די פרייע אידישע פאלקס ביהנע, ברענטש 555, וועלכע שטעהט אונטער דער אויפזיכט פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע האט לעצטען יאהר דורכגעפיהרט א רייהע פון ערפאלגרייכע טעאטער פארשטעלונגען. זיי פארהאפען אויף דעם קומענדען סיזאן צו קריגען די נייבאהוד פלעי הויז פאר אייניגע פארשטעלונגען. זיי האבען זיך אינקארפארירט אלס די „אידישע פאלקס ביהנע”, און ארויסגעלאזט $5 שערס אויף דער סומע פון 25 טויזענד דאלאר. זיי אליין האבען געקויפט פאר $1000 שערס. סך הכל האבען זיי פארקויפט שערס אויף דער סומע פון $4,200. זיי האפען און ערווארטען אז ווען די שערס אויף די 25 טויזענד דאלאר וועלען פארקויפט ווערען, וועלען זיי דאן זיין אימשטאנדע צו גרינדען א אמת׳ן פאלקס טעאטער, וואס זאל שפיעלען בלויז די בעסטע ווערק וואס זיינען געשריבען געווארען פאר דער ביהנע אין אידיש און אנדערע שפראכען.

דער כאר ווערט יעצט רעארגאניזירט. עס איז אנגעשטעלט געווארן א נייער דיריגענט, א געוויסער מר. פאזנער. די עדיוקיישאנאל קאמיטע האט ערקלערט דעם כאר אז אויב זיי וועלען אין פארלויף פון די נעקסטע 2 מאנאטען ניט ארגאניזירען זיך אלס ברענטש פון ארבייטער רינג, וועט די עדיוקיישאנאל קאמיטע ניט קענען שטיצן זיי ווייטער פינאנציעל.

דער „פריינד” ווערט יעצט געדרוקט אין „אפ טו דייט פרינטינג”. לויט די יעצטיגע פרייזען פון דרוק מאטעריאל, וועט דאס דרוקען און דאס פאפיער פון „פריינד” קאסטען מיט א היבשע סומע מעהר אין פארגלייך מיט לעצטען יאהר.

די זעצער יוניאן האט צוגעשיקט א פאדערונג אז איינע פון די קארעקטורען (פרופס), פון ביכער וואס ווערען ארויסגעגעבען פון ארבייטער רינג זאל געלעזען ווערען פון יוניאן פרוף רידערס, און מיר זאלען צאהלען עקסטרא פאר׳ן לעזען די פרופס. די עדיוקיישאנאל קאמיטע האט באשלאסען נאכצוגעבען דיזען פארלאנג פון דער יוניאן.

די ניי־ערוועהלטע סיטי ארגאניזאציאנס קאמיטע איז יעצט צוגעטראטען צו דער ארבייט דורכצופיהרען די ארבייט וואס איז אנגעדייטעד געווארען פאר דער טעטיגקייט פאר דעם קומענדען סיזאן.

דער ארבייטער רינג ארקעסטער, ברענטש 615 געפינט זיך אין א גוטען צושטאנד. זיי האבען זייערע רעגולערע פראבען (רהוירסלעס) מיט זייער דיריגענט מר. פאן בראקהאווער.

די פראגע וועגען דעם, אז די פרוף פון אונזערע ביכער זאל געלעזען ווערען פון א יוניאן „פרוף רידער” ווערט ברייט דעבאטירט און עס ווערט באשטימט איבערגעבען די זאך נאכאמאל צו דער עדיוקיישאנאל קאמיטע צו האנדלען.

דער רעפארט פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע ווערט גוטגעהייסען.

## רעפארט פון דער סאניטאריום קאמיטע.

פריינד גוסקין, טשערמאן פון דער קאמיטע, באריכטעט, אז ווען דר. פיש איז געקומען האט ער אויפגעפיקסט די גראונדס פון סאניטאריום און דער אינסטיטושאן זעהט איצט אויס פיעל שעהנער, ווי פריהער. אין סאניטאריום איז יעצט אלעס אין בעסטען ארדנונג. די פאציענטען און די העלפ זיינען העכסט צופריעדען פון דאקטאר פיש, סיי אלס דאקטאר, סיי אלס סופעראינטענדענט.

ס׳זיינען יעצט דא אייניגע אפליקיישאנס פאר באצאהלטע פרייען פאציענטען, וועלכע קענען לײדער ניט אריינגענומען ווערען, ווייל דער פלאץ פאר פרייען פאציענטען איז אין סאניטאריום א באשרענקטער. די סאניטאריום קאמיטע האט זיך דורכגערעדט וועגען דעם מיט דר. פיש, וועלכער האט פארשפראכען צו מאכען אראנדזשמענטס אז דער פלאץ פאר פרייען פאציענטען זאל פארגרעסערט ווערען. דערצו וועט אויך נויטיג זיין איינצוארדנען נאך וואנעס, שאוערס, לאקערס, וואו צו האלטען די זאכען, א. ד. גל.

פריינד גוסקין דייטעד אן, אז פאר מאנכע באצאהלטע פאציענטען ווערט לײדער ניט איינגעצאהלט אין צייט פאר זייער ווייטערדיגען בלייבען אין סאניטאריום. עס קומט אויס צו שרייבען צו זייערע מענער אדער זייערע ברענטשעס עטליכע מאל, אפט רעדזשיסטרירטע און ספעשעל דעליווערי בריעף ביז די ווייטערדיגע איינצאהלונגען ווערען געמאכט. די סאניטאריום קאמיטע וועט אין אזעלכע פעלע אין דער צוקונפט זיין געצוואונגען אויסצושרייבען אזעלכע פאציענטען, פאר וועמען איינצאהלונגען ווערען ניט געמאכט פינקטליך.

דעם 16טען אויגוסט האט אין סאניטאריום שטאטגעפונען א קאנצערט פאר די פאציענטען. ס׳זיינען אויך געווען ארום 1000 געסט פון די ארומיגע זומער פלעצער. דער קאנצערט איז אויך אראנזשירט געווארען אלס רעספשען פאר דר. פיש. אין קאנצערט האבען זיך באטייליגט פאלגענד קרעפטע:

דער באוואוסטער אקטיאר קעסטין, דער אידישער קאמפאזיטאר רומשינסקי, מאסקאוו, מאדאם שניצער, פון דעם נייעם אידישען טעאטער, מאדאם מעלצער, מעצער סאפראנא פון באסטאן, מר. פאפאלעלא, דער דיריגענט פון דעם ארבייטער רינג מענדעלין ארקעסטער. מר. פנחס יאסינאווסקי, דער באוואוסטער זינגער פון אידישע פאלקס־ליעדער. אויך זיינען געווען ב. קאוונער, הלל ראגאף, ב. פייגענבאום.

דער קאנצערט איז געווען זעהר א געלונגענער. די סאניטאריום קאמיטע דריקט ביי דיזער געלעגענהייט אויס איהר הערצליכען דאנק צו די קרעפטע וואס זיינען גרייט צו יעדער צייט צו קומען אונענטגעלטליך אין סאניטאריום פארווילען די פאציענטען.

זונטאג דעם 17טען איז געווען א באנקעט פאר די פאציענטען לכבוד דר. פיש, וועלכער האט מיט אייניגע טעג צוריק געהאט איבערגענומען זיין אמט אלס מעדיקאל דירעקטאר און סופעראינטענדענט פון סאניטאריום. די זעלבע קרעפטע האבען ביים באנקעט נאך די רעדעס, וועלכע זיינען געהאלטען געווארען פון דר. פיש, ב. פייגענבאום, און פאציענטען, וועלכע האבען פארטראטען יעדע לענטו, געשפיעלט, געזונגען, פארגעלעזען און ווידער בייגעשטייערט זייער חלק צו דער פארווילונג פון די פאציענטען און געסט.

די קאנפערענץ וואס איז פאררופען געווארען אין פילאדעלפיא אויף זונטאג דעם 31טען אויגוסט, וועגען די סאניטאריום אנגעלעגענהייט, האט פאקטיש ניט שטאטגעפונען. די קאנפערענץ איז ערעפענט געווארען, ס׳זיינען געוועזען אייניגע פון די פאציענטען, וועלכע זיינען ארויסגעשיקט געווארען פון סאניטאריום. די קאנפערענץ האט אויפגעפאדערט דיזע עקס־פאציענטען פארצולעגען זייערע טענות און איבערגעבען וואס ס׳איז פארגעקומען, אום די סאניטאריום קאמיטע זאל אויף דעם קענען ענטפערען. יענע האבען זיך אבער ענטזאגט צו רעדען, ערקלערענדיג אז זיי ווילען דאס א קאמיטע פון די יעצטיגע פאציענטען אין סאנאטאריום זאלען ביי דער קאנפערענץ אנוועזענד זיין. די קאנפערענץ האט דאן אויסגעדריקט איהר מיינונג אז אויב די אנוועזענדע עקס־פאציענטען ענטזאגען זיך אנצוגעבען זייערע

טענות, זאָלען די פאַרטרעטער פון דער סאַנאַטאָריום קאָמיטע איבערגעבען וועגען די פאסירונגען אין סאַנאַטאָריום, און די קאָנפערענץ וועט וועגען דעם האַנדלען. אויף דעם פארלאנג פון די פאַרטרעטער פון דער סאַנאַטאָריום קאָמיטע, איז באשלאָסען געוואָרען אָפּצולעגען די קאָנפערענץ, אום אַרויסצורופען אַ קאָמיטע פון די יעצטיגע פּאַציענטען אין סאַנאַטאָריום. די צווייטע קאָנפערענץ וועט וואַרשיינליך אין קורצען פאררופען ווערען.

ברענטשעס אין ניו יאָרק און פון ארומיגע שטעדט האָבען איינגעלאַדען די סאַנאַטאָריום קאָמיטע אנוועזענד צו זיין ביי זייערע מיטינגען און איבערגעבען וואָס ס'איז פאָרגעקומען אין סאַנאַטאָריום. די סאַנאַטאָריום קאָמיטע האָט דיעזע איינלאַדונגען אָנגענומען. אָבער עס קומט אוים אָפּצוגעבען דערפאר זעהר פיעל צייט.

אַ נייער אָטאָמאָביל איז געקויפט געוואָרען פאר 1275 דאָלאַר. די מאַשין איז עטוואָס אַ געניצטע, און אַ נייער מאשין פון זעלבען סאָרט קאָסט 2650 דאָלאַר.

מאַנכע פּאַציענטען האָבען ווידער אָנגעפאנגען שפּילען אין קאָרטען, און אָפּטמאָל ביז שפּעט אין דער נאַכט. ס'איז באַשלאָסען געוואָרען צו אינסטרואירען דר. פיש, אַז ווען עס וועט פעסטגעשטעלט ווערען דאָס דער אָדער יענער פּאציענט שפּיעלט אין קאָרטען, זאָל זיי געגעבען ווערען נאָטיס דאָס זיי וועלען אויף אַזאַ אויפפיהרונג אַרויסגעשיקט ווערען פון סאנאטאָריום.

די קאָמיטע האָט באַשלאָסען אַז דיעזען יאָהר, צו 10 יעהרליכען יובילעאום פון סאניטאָריום, זאָל דער סאַניטאַריום טאָג געפייערט ווערען אויף אַ גרויסאַרטיגען אופן.

דער פאַהמער, וואָס שטעלט צו מילך, האָט פארלאנגט צו העכערען די פרייז פון מילך און זיין פארלאנג איז באוויליגט געוואָרען.

פריינד דרוישפּיעל איז איינגעלאדען געוואָרען צו קומען אין סאָניטאַריום און איבערגעבען דר. פיש די טעכנישע איינצעלהייטען וועגען וואַסער־לייטונג סיסטעם, סואָרד א. ד. גל.

פריינד ש. יאַנאָווסקי, רעדאקטאָר פון דער „פרייער ארבייטער שטימע״, איז לייבאָר דעי געווען אין סאַניטאַריום און געלעקטשורט פאַר די פּאַציענטען וועגען דער באַדייטונג פון דעם טאָג.

אין נאָמען פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע דריקט פר. גוסקין אוים אומצופרידענהייט מיט דער האַנדלונג פון בר. 469, וועלכער האָט צוגעשיקט צום „פריינד״ (זעה סעפּטעמבער נומער „פריינד״) אַ פּראָטעסט רעזאָלוציע געגען דער סאַניטאַריום, ניט געפינענדיג זאָגאַר פאַר נויטיג אָנצופרעגען ביי דער סאַניטאַריום קאָמיטע וועגען דעם און הערען וואָס זיי האָבען צו זאָגען.

נאכדעם ווי עס ווערען געשטעלט איניגע פראגען ווערט דער רעפּאָרט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער אָפּיס קאָמיטע.

פריינד אייבראמס באַריכטעט, אַז די אָפּיס קאָמיטע האָט באַשלאָסען אַז די 1000 דאָלאַרדיגע פּאָליסי זאָל איינגעפיהרט ווערען אַלס קלאַס 1 איי. ווען די טויזענד דאָלאַר פּאָליסי וועט אריין אין קראַפט, וועט מען דארפען האָבען נייע בילס, ווייל אויף די יעצטיגע בילס איז ניטאָ קיין. פלאץ וואו צוצושטעלען דיזען קלאס.

אין ברענטש 495 איז מיט אַ צייט צוריק געשטראָבען געוואָרען זייערער אַ מעמבער. דער באטרעפענדער איז געשטאָרבען. דער ברענטש צייגט אַז ער האָט זיין דיוס אין צייט איינגעצאָהלט אין ברענטש, נאָר דער פריהערדיגער סעקרעטער זייערער האָט פארגעסען איהם צו רעאינסטייטען. זיי האָבען דארום געפאָדערט אויסצוצאָהלען איהם די טויטען בענעפיט. אונטערזוכענדיג די אנגעלעגענהייט איז באשלאָסען געוואָרען צו ענטפערען דעם ברענטש אַז דער באַטרעפענדער איז געזעצליך געשטראָבען געוואָרען, און פאָלגליך זיינען מיר פאר זיין טויטען בענעפיט ניט פאַראַנטוואָרטליך.

אַ געוויסער ברענטש האָט אין אָפּיס אַ באָנד אויף 500 דאָלאַר. זיי האָבען געבעטען אַז מען זאָל זיי אויף דעם רעכענונג פון באָנד לייען 400 דאָלאַר. מען האָט זיי געענטפערט אַז מיר קענען פון די ארבייטער רינג פאָנדס קיין געלדער ניט לייען.

ברענטש 601, ניו יאָרק, איז אויפגעלעזט געוואָרען, ווייל די מעהרסטע מיטגליעדער זיינען געדרעפּטעט געוואָרען, און עס זיינען בלויז פאַרבליבען 7 מעמבערס. דיעזע זיינען דערווייל טראנספּערירט געוואָרען אלס מעמבערס עט לארדזש און וועלען נאכהער טראנספּערירט ווערען אין אנדערע ברענטשעס.

ס'איז איינגעפיהרט געוואָרען אין אָפּיס אַ קאַרד סיסטעם פאר די פּרעמיומס וואָס וועלען דארפען אויסגעטיילט ווערען אין דער צייט פון דעם מעמבערשיפּ קאמפּיין, אום צו קענען קאָנטראָלירען די פּרעמיומס וואָס דאַרפען אויסגעטיילט ווערען צו די וועלכע פארדינען דאָס מיט זייער איבערגעבענער ארבייט.

פון פּאלעסטינא איז אָנגעקומען אַ דאַנק־בריעף פאר די 1000 דאָלאַר, וואָס דער ארבייטער רינג האָט צו זיי געשיקט אין 1916. דער בריעף, ווי עס צייגט דער סטעמפּ פון פּאָסט, איז אַרויסגעשיקט געוואָרען אין 1916, און איז געגאנגען גאנצע 3 יאָהר.

די ניו יאָרקער סיטי אָרגאניזאציאָנס קאָמיטע האָט זיך געווענדעט צו דער אָפּיס קאָמיטע וועגען פאָלגענדעם:

אַ ברענטש, וואָס איז מיט אַ קורצער צייט צוריק אינסטאָלירט געוואָרען, האָט ערקלערט אז מען האָט זיי אין אָפּיס פארשפּראָכען צו זעהן טרענספּערירען זייער סעמעטערי און דאָס געלט וואָס זיי האָבען אין באנק פון דער פריהערדיגער סאָסייעטי, אויף דעם נאָמען פון ברענטש. אונזער ליגעל אדוויזער האָט אָבער ערקלערט אז דאָס איז אַ ברענטש זאַך, און זיי אליין דארפען פּריוואט אויסשטעהן די אויסגאבען פון דער ליגעל ארבייט. זיי האָבען פּראָטעסטירט געגען דעם, און די סיטי קאָמיטע האָט געבעטען אז מען זאָל זעהן שליכטען די זאַך אום צו פארמיידען רייסעריַיען אין יענעם ברענטש. עס איז באשלאָסען געוואָרען אַז די סיטי אָרגאַניזאציאָנס קאָמיטע זאָל די פראגע איבערגעבען צו דער אָפּיס קאָמיטע און ערקלערען דעם ברענטש אז דער אָפּיס וועט דעקען די נויטיגע אויסגאבען.

די דעטראָיט קאָנווענשאָן קאָמיטע האָט זיך נאָך אַמאָל געווענדעט אז מען זאָל באוויליגען פאר זיי 600 דאָלאר צו דעקען זייערע איבעריגע חובות. מען האָט זיי נאָך אַמאָל ערקלערט אַז זיי מוזען צושטעלען פריהער אלע בילס מיט אַ דעטאַלען רעפּאָרט, וועט די עקזעקוטיוו דאן וועגען דעם האַנדלען.

אַ טשאַרטער איז ערהאַלטען געוואָרען פון סטייט אינדיאַנאַ.

די אָפּיס קאָמיטע רעקאָמענדירט צו העכערען די צאהלונג פון אונזער ליגעל אדוויזער אויף 500 דאָלאר אַ יאָהר.

עס איז באַשלאָסען געוואָרען אַרויסצושיקען אַ בריעף צו די יעניגע ברענטשעס וועלכע האָבען געדרעפּטעטע מעמבערס, אָנגעבענדיג נעמען פון די געדרעפּטעטע, און אויפפאָדערען זיי צו מעלדען גלייך, אויב מאַנכע פון דיעזע מעמבערס זיינען שוין צוריקגעקומען פון דער אַרמיי.

רעפּאָרט פון דער אָפּיס קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער גריווענס קאָמיטע.

פריינד וואָלאָס, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אז אַ געוויסער מעמבער האָט אַפּעלירט געגען באשלוס פון זיין ברענטש צו באַשטראָפען איהם מיט 25 דאָלאַר פאר מאַכען אַ סטייטמענט ביי אַ יוניאָן מעמבערשיפּ מיטינג אַז אַ צווייטער מעמבער פון זייער ברענטש האָט אויף אַ סקעבישען אופן אָרגאַניזירט דאָס די פּלעצער פון די ארבייטער, וועלכע האָבען געדאַרפט ארונטערגעהן אין סטרייק געגען פאָרמאַן, זאָלען פארנומען ווערען פון אנדערע ארבייטער. דער אַפּעלאַנט האָט ערקלערט אז ער האָט אָבדזשעקטעט דעם צווייטען מעמבער פון זיין ברענטש אין דעם לאָקאל פון דער יוניאָן אלס קאַנדידאַט פאר זייער עקזעקוטיוו באָארד. די יוניאָן האָט זיין אָבדזשעקשאָן אָנגענומען, און דער נאָמען פון דעם באטרעפענדען מעמבער איז פון באַלאָט פון דער עקזעקוטיוו באָארד ארונטערגענומען געוואָרען. יענער מעמבער האָט איהם נאכהער אָנגעקלאָגט אין ברענטש. דער אַפּעלאַנט האָט גע'טענה'ט, אַז דאָס איז געווען אַ יוניאָן פראגע און דער וועמען ער האָט אָבדזשעקטעד האָט איהם געדאַרפט אָנקלאָגען אין דער יוניאָן, ניט אין ברענטש פון ארבייטער רינג. די פארטרעטער פון ברענטש האָבען ערקלערט אַז זיי האָבען דעם אַפּעלאַנט באַשטראָפט מיט 25 דאָלאַר פאר זאַגען אין דער יוניאָן אַז אַ מעמבער פון זייער ברענטש איז געווען אַן אַגענט פון אַ סקעב אַגענטור. הויפּטזעכליך איז ער באשטראפט געוואָרען פאר פאַרשפּרייטען געגען אַן ארבייטער רינג מעמבער קלאַגען אין אַן אַנדער ארבייטער אָרגאַניזאציאָן. ביי דער הירינג האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז דער מעמבער וועלכער איז אָבדזשעקטעד געוואָרען אין דער יוניאָן, האָט פון דער יוניאָן געקראָגען אַ שריפטליכע ערלויבניס צו געהן ארבייטען אין יענעם שאפּ וואו די ארבייטער האָבען זיך געקליבען צו סטרייקען געגען פאָרמאַן און ווען אָבער מען האָט איהם איבערגעגעבען וועגען דעם וואָס ס'קומט פאָר אין יענעם שאפּ האָט ער דעם דזשאָב ניט אָנגענומען.

די נאַציאָנאַלע גריווענס קאָמיטע האָט געהאַט צוויי ספּעציעלע מיטינגען וועגען דיזער אנגעלעגענהייט נאכדעם ווי זי האָט אויסגעהערט עדות פון ביידע צדדים און אויך פארטרעטער פון דער באַטרעפענדער יוניאָן האָט זי באַשלאָסען אַרויסצוגעבען פאָלגענדע ענטשיידונג:

אַז דער ברענטש האָט ניט געדאַרפט שטראָפירען דעם מעמבער מיט 25 דאָלאר; אַז דער ברענטש האָט זיך ניט געדאַרפט אריינמישען אין אַ פּאַסירונג וואָס איז פאָרגעקומען אין אַן אַנדער ארבייטער אָרגאַניזאציאָן און אין וועלכע 2 פון זייערע מעמבערס זיינען געווען פארמישט. ס'איז דארום באשלאָסען געוואָרען די שטראָף פון דעם באַטרעפענדען ארונטערצונעמען. די גריווענס קאָמיטע האָט אין איהר ענטשיידונג אויך אויסגעדריקט דעם געדאַנק אַז דער אַפּעלאַנט דארף געטאַדעלט ווערען פאר באַנוצען זיך מיט ניט קיין שעהנער שפּראך אין דער צייט ווען ער האָט געמאַכט זיין אָבדזשעקשאָן אין דער יוניאָן געגען א צווייטען מעמבער פון ארבייטער רינג, ווייל פון ארבייטער רינג מעמבערס דארף מען אלע מאָל פאָדערען אַז זיי זאָלען זיך באַציהען מיט מעהר אַכטונג צו זייערע פריינד, מעמבערס פון זייער אייגענער אָרגאַניזאציאָן.

אַ מעמבער פון אַ ניו יאָרקער ברענטש האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון ברענטש צו שטרייכען איהם פון ארבייטער רינג פאַר עדות זאָגען געגען אַ צווייטען מעמבער, וועלכער איז דורך זיין עדות זאָגען פאַר'משפט געוואָרען צו עטליכע יאָהר פּריזאָן. די פאַרטרעטער פון ברענטש האָבען גע'טענה'עט דאָס דער באַטרעפענדער איז אָנגעקלאָגט געוואָרען אויף דעם גרונד וואָס עס איז פאַרעפענטליכט געוואָרען אין דער פּרעסע דאָס עס איז ביי איהם געפונען געוואָרען

גנבה'שע סחורה. נאכדעם ווי זיי האבען די זאך אונטערזוכט האט דער ברענטש באשטימט איהם צו שטרייכען פון ארבייטער רינג. דער אפעלאנט האט געזאגט אז אלע טענות געגען איהם זיינען אויף קיין זאך ניט באגרינדעט; אז די קלאגע האט זיך הויפטזעכליך באזירט אויף א מעלדונג אין א צייטונג דאס מען האט ביי איהם געפונען גנבה'שע סחורה. ער האט ערקלערט, אז דער ברענטש האט זיך ניט גענומען די מיה צו אונטערזוכען גענוי אויב ער איז ווירקליך שולדיג אין דער אנקלאגע. דער אפעלאנט האט געלייקענט אז ער האט געהאנדעלט מיט גנבה'שע סחורה, ער האט געזאגט אז דער וועלכער איז אין געריכט פאר'משפט געווארען, האט איהם פארגעשלאגען צו קויפען די גנבה'שע סחורה, ער האט זיך אבער דערפון ענטזאגט, נאכהער האט ער איהם ערלויבט צו האלטען די ווארע ביי איהם אין פלאץ. א דעטעקטיוו וועלכער האט געהאט באציהונגען מיט יענעם גנב האט ביי איהם ארויסגעפרעגט עטליכע הונדערט דאלאר. ער האט דארום עדות געזאגט אין געריכט געגען דעם גנב און געגען דעם דעטעקטיוו. ער האט אויך געצייגט אן אויסשניט פון אן ענגלישע צייטונג, אין וועלכע עס ווערט געזאגט אז דער אסיסטענט דיסטריקט אטורני האט דעם באטרעפענדען ערקלערט ניט שולדיג אין האנדלען מיט די גנבה'שע סחורה. די גריוועגס קאמיטע האט ענטשיידעט דאס די באווייזע פון ברענטש זיינען ניט געווען גענוג באגרינדעט צו שטרייכען איהם פון ארבייטער רינג.

א געוויסער ברענטש אין פראווידענס האט צוגעשיקט א קלאגע געגען דער ארטיגער דיסטריקט קאמיטע פאר האבען פארטרעטער ביי דער קאנפערענץ ניט לויט דער פראפארציע פון די מיטגלידערשאפט פון די ברענטשעס. די גריוועגס קאמיטע האט באשלאסען זיי ענטפערען, אז די קלאגע קען ניט אויפגענומען ווערען, ווייל לויט אונזער קאנסטיטושאן ארטיקעל 16 פאראגראף 9, א., ב, ג, ווערט צו דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע איבערגעגעבען דאס רעכט צו ארגאנזירען די סיטי קאנפערענץ, וואו ס'ווערען נאמינירט דעלעגאטען צו דער נאציאנאלער באארד און דירעקטארען. דער באשלוס האט זיך אויך געשטיצט דארויף דאס די נאציאנאלע ארגאניזאציאנס קאמיטע מיט דער צושטימונג פון דער עקזעקוטיוו האט לעצטענס באשטימט אז אין די קלענערע שטעדט זאלען די ברענטשעס שיקען צו 2 דעלעגאטען צו די קאנפערענצען, וואו ס'ווערען נאמינירט דעלעגאטען צו דער נאציאנאלער באארד און דירעקטארען.

א מעמבער פון א פילאדעלפיער ברענטש האט אפעלירט געגען באשלוס פון ברענטש צו באשטראפען איהם מיט $50 פאר ארבייטען אין דער צייט פון א סטרייק. ערהאלטענדיג די שריפטליכע טענות פון ביידע צדדים, האט די נאציאנאלע גריוועגס קאמיטע באשלאסען גוטהייסען די האנדלונג פון ברענטש און רעקאמענדירט, אז אויב דער באטרעפענדער האט זיך לעצטענס געבעסערט אין זיין אויפפיהרונג, זאל דער ברענטש זיין צו איהם מילד אין באצוג אויסצאהלען זיין שטראף.

די שיקאגא דיסטריקט קאמיטע האט פארקלאגט א מעמבער עט לארדוש, וועלכער איז פריהער געווען א סעקרעטער פון א ברענטש, אין פארנומען ברענטש געלדער. די קייס פון דעם באטרעפענדען איז דאמאלס איבערגעגעבען געווארען צו דער באנד קאמפאני, וועלכע האט די סומע וואס האט געפעהלט אויסגעצאהלט. די שיקאגא דיסטריקט קאמיטע פאדערט דאס דער באטרעפענדער זאל אדער איינצאהלען זיין חוב צו דער באנד קאמפאני, אום ס'זאל ניט פאלען קיין חשד, אז מיר באהאלטען מעמבערס וואס פארנעהמען געלדער, אדער ער זאל איבערגעגעבען ווערען צו דער באנד קאמפאני. די גריוועגס קאמיטע האט באשלאסען אויפצונעהמען די קלאגע, און דורכשרייבען זיך פריהער וועגען דעם מיט דעם באטרעפענדען.

פריינד וואלאס ערקלערט, אז די נאציאנאלע גריוועגס קאמיטע האט באשלאסען צו ענדערען זייערע מיטינגען פון מאנטאג אויף דינסטאג אבענד און די עקז. דארף באשטימען א פלאץ צו מיטען פאר די סיטי ארג. קאמ.

---

די פראגע וועגען דער ענטשיידונג אין באצוג דעם מעמבער, וועלכער האט אפעלירט געגען זיין ברענטש פאר באשטראפען איהם מיט $25 ווערט דעבאטירט. עס ווערט באשלאסען, אז דער ברענטש האט ניט געדארפט אויפנעהמען די קלאגע געגען דעם באטרעפענדען מעמבער, אי[י]דער די אבדזשעקשאן איז פון דער יוניאן אונטערזוכט געווארען, איידער די יוניאן האט ארויסגעגעבען אן ענטגילטיגע ענטשיידונג וועגען דער אנגעלעגענהייט.

רעפארט פון דער גריוועגס קאמיטע ווערט דאן גוטגעהייסען.

פ. גליעבטער, רעקארדינג סעקרעטער.

---

## קארעקשאן:

אין באריכט פון די זיצונגען פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע, אין „פריינד" פון סעפטעמבער", זיינען אריין פאלגענדע גרייזען:

1) דער רעפארט פון דער נאציאנאלער גריוועגס קאמיטע איז אפגעגעבען געווארען פון פריינד העסקעל, ניט פון פר. פערלשטיין.

2) ווען פר. אב. עפשטיין האט רעפארטעט וועגען סאניטאריום האט ער ניט געזאגט, אז „מאנכע פאציענטען, וואס האבען זיך אויך געפיהלט שולדיג אין דעם טומעל, האבען פארלאזען דעם סאניטאריום", נאר דאס 4-5 פאציענטען (אויסער די, וועלכע די עקזעקוטיוו האט באשטימט אויסצושרייבען), וואס האבען זיך אויך געפיהלט שולדיג אין דעם פאראורזאכטען טומעל, האבען אליין פארלאזען דעם סאניטאריום.

3) אינ'ם רעפארט פון דער סאניטאריום קאמיטע האט דער פונקט וועגען העכערען די שכירות פון די אנגעשטעלטע זיך געדארפט לעזען: די סאניטאריום קאמיטע האט באשטימט צו העכערען דאס געהאלט פון די אנגעשטעלטע, ווען דר. פיש וועט קומען און אויך געבען „בעק פעי" צו יענע אנגעשטעלטע, וועמען מען האט דאס פארשפראכען.

4) די רעפערענדום צעהלער קאמיטע האט צוריקגעוויזען אכט באלאטס, ניט ווייל זיי זיינען געווען אונטערשריבען מיט א צלם אנשטאט מיט אן אונטערשריפט פון דער קאמיטע פון ברענטש, נאר ווייל אויף דעם פלאץ פון די אפגעגעבענע שטימען איז אנשטאט ציפערען געווען א צלם.

---

# צו אלע ברענטשעס פון ארבייטער רינג!

ווערטער פריינד סעקרעטער: —

פון אלע נייע איינפיהרונגען אין ארבייטער רינג, וועלכע וועלען אריינטרעטען אין קראפט אין יאנואר 1920, איז די טויזענד־דאלאר־פאליסי די וויכטיגסטע, און די סעקרעטערע זיינען געבעטען צו האבען אין זינען פאלגענדע רולס און רעגולייש[אנ]ס וועגען די טשארדזשעס פאר אזא פאליסי.

די צאהלונגען פאר א טויזענד־דאלארדיגע פאליסי זיינען געגרינדעט אויף דעמזעלבען באזיס, ווי די צאהלונגען פאר די איצט עקזיסטירענדע פאליסים. אויב איינער, למשל, צאהלט פאר 100 דאל. א דאלאר א קווארטאל, וועט ער פאר 1000 דאל. אינשורענס דארפען צאהלען 10 מאל אזוי פיעל, ד. ה., 10 דאלאר.

צוליעב דעם אבער, וואס יעצט האבען מיר נאך ניט די פולע רייטס אין קראפט, און צוליעב דעם, וואס דער רעפערענדום האט באשלאסען, אז פאר אריבער 400 דאל. אינשורענס דארף יעדער צאהלען די פולע רייטס גלייך דאן, ווי די העכערע פאליסי וועט אריינטרעטען אין קראפט, וועלען די סעקרעטערע קיין מיסטייק ניט מאכען און טשארדזשען די דיוס, ווען זיי וועלען געדענקען די פאלגענדע רולס:

1. יעדער נייער מעמבער, וועלכער וועט אריינטרעטען אין יאנואר 1920 און שפעטער, און וועט וועלען פארשרייבען זיך אויף א 1000 דאלארדיגע פאליסי, וועט דארפען איינצאהלען איינטריטס געלד ניט מעהר ווי פאר 400 דאל. אינשורענס, ד. ה. 4 דאל. 15 סענט. אויב ער איז אריבער 40 יאהר, וועט ער דארפען צאהלען פאר די גאנצע 1000 דאל. פאליסי די פולע רייטס פון לעצטען יאהר 1921. אויב ער איז ווייניגער ווי 40 יאהר, וועט ער צאהלען פאר 400 דאל. די רייטס, וועלכע עקזיסטירען אין 1920, און פאר די איבריגע 600 דאל. אינשורענס וועט ער דארפען צאהלען די פולע רייטס, וועלכע וועלען אריינטרעטען אין יאהר 1921.

2. ווען איינער איז ביז יעצט געווען א מעמבער אין קלאס 4, צום ביישפיעל, און ער וויל זיך טראנספערירען צו א פאליסי פון 1000 דאלאר, און אויב דער מעמבער איז אריינגעטראטען אין ארבייטער רינג אין דעם עלטער פון אריבער 40 יאהר נאך דעם 30טען דזשון, 1918, דאן וועט ער געטשארדזשעט ווערען פאר 100 דאל. פול רייטס לויט די יאהרען, וואס ער האט אריינגעטראטען אין א. ר. און פאר 900 דאל. וועט ער געטשארדזשעט ווערען, אויך מיט פול רייטס, לויט די יאהרען וואס ער וועט זיין ווען ער טרענספערירט זיך פון די נידעריגע אינשורענס צו די העכערע אינשורענס.

אויב אבער ער איז אריינגעטראטען אין א. ר. בעפאר 40 יאהר, דאן וועט אזא מעמבער האבען א דריי־פאכיגע טשארדזש פאר דעם טויטען־פאנד: פאר זיין אריגינעלע פאליסי פון 100 דאל. וועט ער צאהלען לויט די יאהרען וואס ער איז אריינגעטראטען אין א. ר. און די רייטס וועלכע וועלען עקזיסטירען אין יאהר 1920.

פאר דעם באלאנס צווישען 100 און 400 דאל., ד. ה. פאר 3 הונדערט דאל., וועט ער צאהלען די רייטס פון 1920, לויט די יאהרען וואס ער וועט זיין ווען ער וועט זיך טרענספערירען צו דעם העכערען קלאס. און פאר דעם באלאנס פון 4 הונדערט ביז טויזענד דאל., ד. ה. פאר 600 דאל., וועט ער שוין צאהלען די פולע רייטס און לויט דעם עלטער אין דער צייט פון טרענספער. אויף דעמזעלבען אופן וועלען אויך זיין די טשארדזשעס פאר א מעמבער פון קלאס 2, וועלכער וועט וועלען אננעהמען א פאליסי פון 1000 דאל.

אויבערפלעכליך איז די סיסטעמע א גאנץ קאמפליצירטע און זי איז ווירקליך קאמפליצירט פאר דעם דזשענעראל אפיס. די סעקרעטערע אבער, וועלכע האבען פאר זיך די רייט־קארדס פון יעדען קווארטאל און די רייטס פון יעדען יאהר, וועלען, האפענטליך, קיינע שוועריגקייטען ניט האבען אין אויסמאכען די בילס, ווען זיי וועלען נעהמען אין אנבאטראכט די אויבען־אנגעגעבענע פונקטען און רולס.

מיט פריינדליכען גרוס,

נאצ. עקזעקוטיוו קאמיטע ארבייטער רינג.

י. באסקין, דזשענ. סעק.

נ. ב. — עס פארשטעהט זיך, אז יעדער איינער וואס וויל א פאליסי פאר 1000 דאל. מוז האבען א ספעשעל מעדיקאל און יורין עקזאמינייש[א]ן.

# א דרייפאכע קאָנפערענץ פון א. ר. אין ניו יאָרק

זונטאג נאָכמיטאג, דעם 17־טען אויגוסט, איז אין „פאָרווערטס"־האָל פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ פון די גרויטער ניו יאָרקער ברענטשעס פון ארבייטער רינג. די קאָנפערענץ האָט פאַר זיך געהאט גאַנצע דריי אויפגאַבען: אויסהערען באַריכטען פון דער סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, סיטי עדיוקיישאָנאל קאָמיטע און דעם מיטגליד פון דער נאַציאָנאַלער באָארד פון דירעקטאָרען און אויסערוועהלען נייע קאָמיטעס פאַר דעם נעכסטען יאָהר.

עס זיינען אויף דער קאָנפערענץ געווען פאַרטראָטען 68 ברענטשעס מיט 77 דעלעגאַטען. די קאָנפערענץ איז ערעפענט געוואָרען פון י. באַסקין, דעם סעקרעטער פון ארבייטער רינג. ער האָט אָנגעוויזען אויף דעם גרויסען ערפאָלג פון'ם אַרבייטער רינג פאַר'ן פאָריגען יאָהר און אָנגעמערקט, אַז אויף דעם נעכסטען יאָהר נעמט אויף זיך דער אָרדען צוויי מאָל אַזאַ גרויסע אויפגאַבע: צו פאַרגרעסערען די מיטגלידערשאַפט אויף 20 טויזענט און צו שאַפען 50 טויזענט דאָלאר פאַר די מלחמה־קרבנות און אויף די קאָמיטעס, וואָס דאַרפען ערוועהלט ווערען, וועט ליגען זעהר אַ גרויסער טייל פון אָט דער ארבייט.

אָלס פאָרזיצענדער פון דער קאָנפערענץ איז ערוועהלט געוואָרען פריינד הערמאן פון בר. 233; אַלס סעקרעטאַרען: יעקב לעווין, פון בר. 96 און מ. מאלאט פון בר. 183.

פריינד לאַנגער גיט אָפּ אַ באַריכט פון דער ס. א. ק. דאָס פאַרגאַנגענע יאָהר איז געווען זעהר אַ שווערס. עטליכע חדשים האָט זיך געצויגען די עפּידעמיע, ווען מען האָט כמעט גאָרנישט ניט געקאָנט טאָן. אָבער פאַר די עטליכע מאָנאַטען, וואָס מען האָט יאָ געקאָנט ארבייטען, האָט די ס. א. ק. געהאָלפען גרינדען אין ניו יאָרק 10 נייע ברענטשעס. נייע מיטגלידער זיינען פאַר דעם יאָהר אריינגענומען געוואָרען אין א. ר. אין ניו יאָרק 4996. די הוצאות, וואָס די ס. א. ק. האָט געמאַכט איז ארום 400 דאָלאר; אַזוי, אז אריינגעהמען אַ נייעם מיטגליעד אין ארבייטער רינג האָט געקאָסט אַ 9 סענט. די קאָמיטע האָט אָבער אויך געזאָרגט זיך פאַר דעם איכות פון די נייע מיטגליעדער. די צאָהל פון די אריינגעקומענע מיטגליעדער וואָלט געווען פיעל גרעסער, ווען דער אַ. ר. וואָלט ניט געווען אזוי איבערקלייבעריש. אָבער די ס. א. ק. האָט געוואָלט, אז ניט נאָר זאָל פאַרגרעסערט ווערען די מיטגלידערשאַפט, נאָר עס זאָל אויך ניט ערגער ווערען איהר איכות. עטליכע „סאָסייעטיס" האָט מען אָפּגעזאָגט אריינצונעמען אין אָרדען איבער דעם, וואָס זייער מיטגלידערשאַפט איז ניט גענוג פּראָגרעסיוו.

פאַר דער סיטי עדיוקיישאָנאל קאָמיטע האָט אָפּגעגעבען אַ באַריכט פריינד דאראשקין פון בר. 253. ער ווייזט אָן, אז די קאָמיטע איז נאָך גאָר אַ יונגע, איין יאָהר אינגאַנגען אַלט, זי האָט אויך געהאַט זעהר ווייניג מיטלען דאָס יאָהר. דאָך האָט זי אויפגעטאָן אַ היבש ביסעל ארבייט. זי האָט געגעבען אַ מעגליכקייט העכער 100 ברענטשעס פון א. ר. צו באַנוצען זיך מיט די מוזיקאַלישע קרעפטען פון'ם ארבייטער רינג און איינאָרדנען ביי זיך מוזיקאַליש־ליטעראַרישע אווענטען. דערמיט האָט די ס. א. ק. פיעל מיטגעהאָלפען אויפצולעבען די ברענטשעס און זייערע פאַרזאַמלונגען. די קאָמיטע האָט אָרגאַניזירט עטליכע גרויסע קאָנצערטען צוזאַמען מיט קורצע לעקציעס אויף טאג־פּראַגען און דריי 1־טען מאַי פאַרזאַמלונגען־קאָנצערטען, וועלכע האָבען געהאַט אַ באַדייטענדען ערפאָלג. אויפ'ן נעכסטען יאָהר האָט די ס. ע. ק. זיך אָנגעצייכענט א רייהע וויכטיגע ארבייטען. זי רעכענט איינצואָרדנען אין יעדער א. ר. שול אַ קולטורעלען צענטער, וואו יעדער מיטגליד פון אַ. ר. זאָל אין שכנות מיט איהם געפינען א פּלאַץ, וואו צו הערען אַמאָל אַ לעקציע, באַזוכען א קאָנצערט, לייענען א בוך, זעהן אינטערעסאַנטע באַוועגליכע בילדער און אפילו כאַפּען א טענצעל אַמאָל. זי וועט אויך איינאָרדנען אַ רעדנער קלאַס, אויסצובילדען רעדנער פאַר'ן ארב. רינג, און באַזוכען אין מוזעאומס. זי וועט אויך אויף ווייטער העלפען די עקזיסטירענדע א. ר. שולען צו דעקען זייערע דעפיציטען און נעמען אויף זיך די איניציאַטיוו צו גרינדען נייע שולען.

פר. יעקב לעווין דערפילט דעם באַריכט פון דער ס. ע. ק. מיט אַן איבערבליק איבער די א. ר. שולען. ביז איצט זיינען אין ניו יאָרק געגרינדעט דריי שולען: אין האַרלעם, וויליאַמסבורג און בראַנזוויל. זיי זיינען א גרויסער ערפאָלג. די ווירקונג פון די שולען אויף די קינדער און די צוגעבונדענקייט און אינטערעס פון די קינדער און זייערע עלטערען צו די שולען איז זעהר גרויס. בכלל ווייזט זיך אַרויס ביי דער ברייטער מיטגלידערשאַפט פוי דעם ארבייטער רינג אַלץ מעהר אינטערעס צו די שולען. זיי הויבען אָן צו באַגרייפען, וואָס פאַר א נוצען די שולען ברענגען זיי, העלפענדיג אומצוקערען די קינדער צוריק און צו־צובינדען זיי צו זייערע עלטערען און נייטראַליזירענדיג די ווירקונג פון דער פאָבליק סקול, וועלכע איז אָפט פיינדליך צו די אינטערעסען פון די ארבייטער, ביי דער ערשטער געלעגענהייט געגרינדעט ווערען א. ר. שולען אויך דאון־טאון און אין בראנקס.

די קאָנפערענץ באַדאַנקט די קאָמיטע פאַר זייער ארבייט און ערוועהלט אויס נייע קאָמיטעס פאַר'ן נעכסטען יאָהר.

אין דער סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע זיינען אריין ב. בענזשאַמין, ל. בערמאן, ל. דינרעשטיין, מ. עדעלסאָן, ע. י. פינקעלשטיין, וו. הערמאן, מ. קראַנץ. א. לאַנגער, ב. לעוויטאן, ב. לעוויט, נ. לוטאוועה, דזש. מאַלקין, מ. מאָלאָט, ר. נעראַמקין, דזשיי. סקלאַר, ה. סיימאן, מ. ווייך, ב. וואלאוויץ, מ. ראַטנער, מאַרגאָליס, ס. ראַים, ס. קאַופמאָן, י. חייקין.

אין דער סיטי עדיוקיישאָנאל קאָמיטע זיינען אריין: אַרנסאָן — בר. 367; יעקב לעווין — בר. 96; אפּטייקער — בר. 597; עהרליך — בר. 42; י. שטיינבוים — בר. 165; דאראשקין — בר. 253; דוביניסקי — בר. 172; קאהען — בר. 500; ראזען — בר. 615; זאַכהיים — בר. 3; קאומאן — בר. 215 בערנשטיין — בר. 247; גלאַוּבערמאן — בר. 24; מענין — בר. 80 און גאָלדבלאַט — בר. 511.

אַלס קאַנדידאטען פאַר אַ מיטגליד פון דער נאַציאָנאַלער באָארד פון דירעקטאָרען זיינען נאָמינירט געוואָרען די פריינד באַצאָהלער פון בר. 42 און פר. גלאובערמאן פון בר. 24.

יעקב לעווין און מ. מאָלאָט. סעקר.

## טעריטאָריאַל קאָנפערענץ פון פּענסילווייניא סטייט.

די יעהרליכע קאָנפערענץ צו ערוועהלען אַ נייע דיסטריקט אָרגאַנ. קאָם. פון אַ. ר. איז פאָרגעקומען זונטאג דעם 17טען אויגוסט, 1919, אין הויז פון א. ר. לייסעאום, מיט פריינד יודיטש אַלס פאַרטרעטער פון געב. אָפּיס. ס. עטינגער, סעק. פון דער אָרג. קאָם. עפענט די קאָנפערענץ. אַלס טשערמאן איז ערוועהלט געוואָרען פריינד ת. טויטעלמאַן, אַלס סעקרעטער, טאליסמאן און אַ קרעדענשעל קאָמיטע פון 3: י. נעגין פון בר. 98, קאָהן, פון בר. 373 און מ. ליכטמאן פון בר. 575. די קרעדענשעל קאָמיטע באַריכטעט אַז עס זיינען פאַרטראָטען 27 ברענטשעס מיט 54 דעלעגאַטען פון פילאַדעלפיא, און בר. 362 פון קעמדען, נ. דזש. דער סעק. פר. עטינגער האָט אָפּגעגעבען אַן אינטערעסאנטען באַריכט פון דער רייכער אַ. ר. טעטיגקייט פאַר דעם לעצטען יאָהר. נישט קוקענדיג וואָס אין פאַרגאַנגענע יאָהרען זיינען געווען די שטערונגען פון דרעפט און עפּידעמיע, האָט פילאַדעלפיא אריינגענומען איבער טויזענד נייע מעמבערס, פיעל מעהר ווי עס איז געווען די „קוואָטאָ" פאַר די פילאַדעלפיער ברענטשעס. אויך זיינען 3 נייע ברענטשעס אָרגאַניזירט געוואָרען; אַ רייהע לעקטשורס מיט די פּראָמינענטסטע רעדנער פון לאַנד זיינען דורכגעפיהרט געוואָרען. אין דעם קאַמפּיין פאַר די מלחמה קרבנות האָבען מיר גענומען א טיכטיגען אַנטייל ווי אויך אין דעם סאָציאַליסטישען קעמפּיין האָבען מיר געשאַפען אַ באַדייטענדע סומע. מיר האָבען זיך באַטייליגט אין דער פּראָטעסט באַוועגונג געגען די פּוילישע פּאָגראָמען און אין אלע אנדערע וויכטיגע געזעלשאַפטליכע און ספּעציעלע אַרבייטער ארויסטרעטונגען. דער סעק. ענדיגט זיין באַריכט מיט דעם וואונש, אז די נייע קאָמיטע וואָס וועט יעצט ערוועהלט ווערען זאָל פאָרטזעצען דיזע ערפאָלגרייכע ארבייט און דורכפיהרען דעם קאַמפּיין פאַר נייע 20 טויזענד מיטגלידער ביז דער 20 יעהרליכער קאָנווענשאָן. ווי אויך די 50 טויזענד דאָלאר פאַר די מלחמה קרבנות אין יוראָפּ. עס ווערען דאַן געשטעלט פאַרשיעדענע פראַגען דעם סעק. באַריכט, וועלכע ווערען צופרידענשטעלענד פאַרענטפערט. — דער באַריכט ווערט גוט געהייסען.

פריינד יודיטש, פאַרטרעטער פון נאַציאָנאַלען אָפּיס פון א. ר. קריגט אַ שעהנע אויפנאַהמע און אַלע הערען איהם אוים מיט אינטערעס. ער רעדט וועגען אַלגעמיינע פראַגען אין פאַרבינדונג מיט דעם א. ר. ווי אויך וועגען דעם, וואָס פילאַדעלפיא האָט זיך אויסגעצייכענט לעצטען יאָהר אין דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין. פר. יודיטש האָט געמאַכט אַ גוטען איינדרוק אפילו אויף די זאָגענאַנטע טומעלמאַכער. די קאָנפערענץ געהט דאַן איבער צו דער ערוועהלונג פון א נייער אָרגאַנ. קאָם. פאַר דעם קומענדען יאָהר און דאָ האָבען שוין געגומען טומלען די פּאָר אונצופריעדענע, וועלכע האָבען פריהער גאָר נישט געהאַט אויסצוזעצען געגען דעם יעהרליכען באַריכט, צוגעבענדיג, אַז פיעל ארבייט איז געטאָן געוואָרען. זיי האָבען זיך געכאַפּט, אַז די צוזאַמענשטעלונג פון דער קאָמיטע איז נישט נאָך זייער ווילען, נישט קוקענדיג, וואָס דאָס לעצטע יאָהר איז פיעל ארבייט געטאָן געוואָרען. (פילאַדעלפיא האָט פאַר־אַ־יאָהרען געהאַט אַ דעלעגירטע קאָמיטע און די ארבייט האָט פיעל געליטען פון דעם). לעצטען יאָהר האָבען די פאָרשטעהער פון פילאַדעלפיער ברענטשעס זיך אונטערגעוואָרפען אונטער דעם פונקט פון אונזער קאָנסטיטוציע, ארטיקעל 18, פּאַראַג. 5, אַז עס בלייבט דאָס רעכט פאַר דער נאַציאָנאַלער עקז. קאָמיטע צו באַשטימען וואו אזעלכע קאָמיטעס צו אָרגאַניזירען און פון וויפיעל מיטגלידער זי זאָל באַשטעהן. מיר האָבען דאָס יאָהר געהאַט אַזאַ קאָמיטע פון 20 פּערזאָן, ערוועהלט ביי דער לעצטער יעהרליכער

...אנפערענץ און זי האט געטאן ווירקליך גוטע ארבייט. און די וועלכע ...רייען „דעמאקראטיע" מיינען דאס נישט ערנסט. ווען מיר האבען ...האט אזא „דעמאקראטישע" קאמיטע פלעגען זיי קיינמאל נישט ...ענדרען די מיטינגען און קיין ארבייט איז דארום נישט געטאן גע... ...ארען. די פאר טומעל מאכער האט זיך שטארק געוואלט צו שטערען ...ים קאנפערענץ. זיי האבען דאס געזאגט אויף דעם פלאר. צוויי מאל ...אט דער קאנפערענץ געשטימט פאר דער פארם פון א פריווילעגירטע ...אמיטע. און די וועלכע שרייען אז זיי זיינען די „ריכטיגע" דע... ...אקראטען, האבען געוואלט נאר צושטערען די קאנפערענץ. זיי קלויב... ...ן, אז דאס פאלק האט זיי באדארפט שטעלען אויף דער שפיץ פון ... ר. אז דאס פאלק דענקט אנדערש וועגען זיי. נאכדעם ווי פריינד... ...ודיטש האט גערעדט אין דער פראגע זיינען ענדליך געמאכט געווא... ...ען נאמינייש אנס פאר א נייער קאמיטע. און פאלגענדע 20 פריינדע ...יינען ביי אן אפשטימונג פון קאנפערענץ ערוועהלט געווארען פאר ...ם נעקסטען יאהר צו טאן ארבייט פאר דעם א. ר. אין פילאדעלפיא: ...טייטעלמאן, ס. עטינגער, דזשיי. טאליסמאן, א. שניידער, דזש. ...ראנדסקי, ס. מישקין, א. קאהן, ל. סווערדלאוו, ה. הורשמאן, דזשיי. ...יבאוויץ, א. קלוזמאן, י. נעגען, קאסלאווסקי, ס. דענים, בראדערמאן, ...ליפשיץ, קושניר, העכט, ברעסלע און ס. באראץ. די טומעל מאכער ...אבען מיט זייערע שטימען אליין נישט געקענט ערוועהלט ווערען.

אויף דער צווייטער זיצונג צו נאמינירען א דעלעגאט צו די ...אצ. באארד און דירעקטארס ווערט ערוועהלט פר. אלטמאן פון בר. 81, ...לס טשערמאן און אלס סעקר. דזש. טאליסמאן פון בר. 520. לויט ...באשלוס, וועלכער ווערט אנגענומען גוהט מען גלייך איבער צו די ...אמינייש אנס אהן אירגענד וועלכע נאמינאציאנס רעדעס.

עס ווערען נאמינירט פר. ארקין פון בר. 45, פיטסבורג; פר. ...רוידערמאן פון בר. 240, פילאדעלפיא; פר. אויבעררעכט פון וויל... ...קסבאר, פא. און פר. דענים פון בר. 12, פילאדעלפיא, אזוי אז מיר ...אבען 2 פילאדעלפיער און צוויי קאונטרי דעלעגאטען. ביי א ראל ...אל אפשטימונג איז דער רעזולטאט, אז 19 ברענטשעס האבען גע... ...שטימט פאר ארקין פון פיטסבורג, 13 ברענטשעס פאר אויבעררעכט ...ן ווילקעסבאר, פא. און 6 ברענטשעס פאר ברוידערמאן און דענים ...ן פילאדעלפיא. אורטיילענדיג נאך דער אפשטימונג וועלען ביידע ...אנטרי דעלעגאטען — ארקין פון פיטסבורג און אויבעררעכט פון ...ווילקעסבאר גוהען צו א רעפערענדום אפשטימונג און די מעמבער... ...שיפ וועלען באשטימען ווער עס זאל זיי פארטרעטען פאר די נעקסטע ...יאהר צו די נאציאנאלע באארד און דירעקטארס. די צווייטע סע... ...אן איז ווירקליך געוועזען אין פולער הארמאניע. די דעלעגאטען ...זיינען אהיים צופריעדענע, א חוץ די, וועלכע זיינען נישט ארויף ...ויף דעם באלאט.

דזשיי. טאליסמאן, סעקר.

## באריכט פון ניו הייווענער דיסטריקט קאמיטע קאנפערענץ.

א קאנפערענץ פון דעם ניו הייווענער דיסט. ווערט אפגעהאלטען ...נטאג דעם 24טען אויג., 1919, אין לייבאר לייסעאום, ניו הייווען. ...ם זיינען פארטראטען די ברענטשעס 17, 232, 434, 493 און 589 פון ...ו הייווען און בר. 41 פון אנטאניא. עס ווערען ערוועהלט פריינד ...יים פון בר. 17, טשערמאן, און פר. ספעקטאר, פון בר. 232, סעק. ...ריינד גאלינסקי, מעמבער פון דער דזש. עקז. קאמיטע, וועלכער איז ...פעציעל געקומען צום קאנפערענץ, האלט א לענגערע פיעלזייטיגע ...רעדע וועגען דעם ארב. רינג בכלל און וועגען די פליכטען פון יעדען ...מעמבער פון א. ר. בפרט.

ער שטעלט זיך ספעציעל אפ אויף פאלגענדע 3 פונקטען: מעמ... ...ערשיפ, רעליעף און סיק בענעפיט. אין א ווארימע, הארציגע, בילד... ...יכע רעדע אפעלירט ער צו דער מעמבערשיפ פון ארב. רינג דורך די ...ארטרעטער פון די ברענטשעס, דורכצופיהרען דעם באשלוס פון דער ...נ. עקזעקוטיווע צו שאפען 20 טויזענד נייע מעמבערס און 50 טוי... ...ענד דאלאר פאר די מלחמה קרבנות. זיינע ווערטער, וועלכע מען ...ען אין קורצען באצייכענען אלס „דברים היוצאים מן הלב" — ...ווערטער פון א טיעפער, ליידענדער, אידישער הארץ, האבען געמאכט ...טיעפען רושם אויף אלע דעלעגאטען און געסט און נאך די אויפ... ...ערקזאמקייט האט מען געקענט פיהלען דאס יעדער איינער וועט מיט ...לע קרעפטען ארבייטען דאפיר אז דער מאטא פון א. ר. „20 טויזענד און 50 טויזענד" זאל דורכגעפיהרט ווערען אין לעבען.

וועגען די סיק בענעפיט האט פר. גאלינסקי דערמאנט דעם פאקט, ...אס דער א. ר. איז ארויס פון דער אינפלוענציא מגפה 200 פראצענט ...עסער ווי אירגענד וועלכע פראטוירנאל ארגאניזיישאן אבער די פאר... ...יכטערונג, וואס דער דזש. אפיס האט געמאכט פאר די סעק. און ...אספיטעלער פאר דער צייט פון דער מגפה, ווי ניט שיקען קאמי... ...טען א. ד. גל. מוז אפגעשאפט ווערען אום דער סיק בענעפיט פאנד ...אל ניט זיין אין א הפקר צושטאנד.

פר. פרידמאן, סעק. פון דיסטריקט קאמיטע, גיט אפ א באריכט ...ון די ארבייט פאר'ן פארגאנגענעם יאהר.

ער באמערקט, אז זיין באריכט איז ניט פון א פולען יאהר. זיין ...אמט האט ער געקראגען ערשט אין פעב. און דער אלטער סעק. איז ...געווען געצוואונגען צו רעזיגנירען. די דיסטריקט קאמיטע, ערקלערט פר. פרידמאן האט נישט אויפגעטאן פיעל, אבער עס איז פיעל ווינציג געטאן געווארען לויט די אומשטענדען. און אויב זיי קענען ניט וויזען קיין גרויסע ארבייט האבען זיי געמאכט פארזוכען און אנגעפאנגען גרויסעס, וואס די צוקינפטיגע קאמיטע וועט זיכער ענדיגען — דאס איז די גרינדונג פון אן ארבייטער רינג קינדער שולע, וועלכע איז נאך ניט דורכגעפיהרט אבער אן אנפאנג, א גוטער אנפאנג איז געמאכט געווארען. זיי האבען דורכגעפיהרט א לעקטשור מיט פר. א. ש. זאקס. זיי האבען פיעלעס געהאלפען אין קאמפיין פאר מעמבערשיפ. די דיסטריקט קאמיטע איז געווען דער איניציאטאר אין פראטעסט און פארייד פון ניו הייווענער אידענטום געגען די פאגראמען.

ער רעקאמענדירט צווישען אנדערס פאלגענדעס: די דיסטריקט קאמיטע זאל זיין די פול בארעכטיגטע עקז. קאמ. פון אלע בר. און דיסטריקטס. עס זאל געשאפען ווערען א בודזשעט אום די קאמיטע זאל וויסען ווי ווייט זי קען מאכען עקספענסעס און אויך אז אין דיסטריקט קאמיטע זאלען אריינגעהן די בעסטע אקטיווסטע מעמבערס. — באריכט ג. ג.

עס ווערען אויפגענומען באריכטען פון די ברענטשעס. בר. 434 באריכטעט א שטארקע טעטיגקייט אין דעם לעצטען מעמבערשיפ קאמפיין. א זאך וואס איז ריכטיג און מוז אנערקענט ווערען. דעלעגאט פון 493 אבער, וויל דער קאנפערענץ זאל עטוואס טאן אריינצונעהמען זייערען א קראנקען מעמבער אין סאניטאריום, דער דזש. אפיס דיינקט, אז דער מעמבער איז דאצו ניט בארעכטיגט. דער דעלעגאט פון בר. 589, וועלכער איז אויך דער סעק. פון זעלבען בר. קלאגט זיך אויף ניט פינקטליכקייט פון אפיס.

ב ר. 41 קלאגט זיך וואס די סעקר. פארזעהט און ארבייט וועניג פאר אנטאניא.

אויף דער לעצטער טענה פון בר. 41 ענטפערט פר. פרידמאן דאס ווען בר. 41 האט זיך געווענדעט נאך הילפע האט מען איהם געגעבען. עס איז זאגאר א לעקטשור דורכגעפיהרט געווארען דורך דער צייט אין אנסאניא.

וואס אנבאלאנגט די פינקטליכקייט פון אפיס ענטפערט פר. גאלינסקי, דאס אין דער צייט פון דער אינפלוענציא איז געווען א פיזישע אונמעגליכקייט צו האבען אלעס פינקטליך.

עס ווערען פארגעלעזען 2 לעטערס פון 2 קראנקע מעמבערס, וועלכע געפינען זיך אין סאניטאריום פון א. ר. איינער פון ד. שייפער, מעמבער בר. 41, וועלכער בעט זיין ברענטש צו פראטעסטירען צו דער סאניט. קאמיטע געגען דעם אויסשליסען פון 5 מעמבערס. דער 2טער לעטער פון פר. רוצקין. דער לעצטער לעטער איז א גאנץ לאנגער, ער קומט פון א קאמפעטענטען, אינטעליגענטען פריינד און ער בעט זיין בר. (בר. 589) צו פראטעסטירען צו דער סאניטאריום קאמיטע פאר'ן זיין צו מילד מיט די פאציענטען, וועלכע שפיעלען אין דעמאקראטען, דא וואו עס מוז געהאלטען ווערען דיסציפלין.

פר. גאלינסקי, אליין איינער פון דער נאצ. עקז. אונטערזוכונגס קאמיטע גיט דאן איבער אלע איינצעלהייטען פון סכסוך און טראבעל אין סאניטאריום און ווי אזוי עס איז געשליכטעט געווארען.

און די קאנפערענץ נעהמט איינשטימיג אן א רעזאלוציאן צו אינדארסירען און גוטהייסען די האנדלונג פון דער סאניט. קאמ. און די נאצ. עקז. קאמ. אין אויסשליסען די 5 מעמבערס פון סאניטאריום און פאדערט אויף אויך אז ווייטער זאל די סאניטאריום קאמיטע זיך האלטען לויט די באשליסע פון די קאנווענשאן און רעפערענדומס. זיי זאלען פיהרען און פארוואלטען דעם סאניטאריום צום וואהל און בעסטען פון דעם געזונד און וואהלזיין פון אלע קראנקע, לויט די ארדערס פון די דאקטוירים, און ניט לאזען זיך פארפיהרען פון עטליכע היטץ־קעפ, קראנקע, נערוועזע פאנאטיקער.

עס ווערען אויפגענומען וואהלען פאר דער קומענדער דיסטריקט קאמיטע און פאלגענדע ווערען ערוועהלט:

בר. 17 — סאלקאפ, הובעלבאנק און גאלדבערג.
בר. 232 — וואסערמאן, סילווערמאן און ספעקטאר.
בר. 434 — פרידמאן, ווייסמאן און שלאסבערג.
בר. 493 — צאראן, קופערמאן און בראאן.
בר. 589 — יאפע און זאלקינד.

די דעלעגאטען פון בר. 41 ערקלעהרען, אז זיי וועלען זייערע דעלעגאטען צום דיסטריקט ערוועהלען ביי זייער נעקסטען מיטינג.

נאכדעם ווי פר. גאלינסקי אינסטאלירט די קאמיטע ווערט די קאנפערענץ געשלאסען.

י. ספעקטאר, סעק. קאנפערענץ.

## נוארקער דיסטריקט קאנפערענץ.

דער קאנפערענץ איז אפגעהאלטען געווארען דעם 27טען יולי, 1919. פריינד אלפערט פון בר. 23 איז ערוועהלט געווארען טשערמאן פון קאנפערענץ און פר. ס. ה. לעווין, פון בר. 208 איז ערוועהלט געווארען סעקרעטער. נאכדעם ווי עס איז אפאינטעט געווארען פון טשערמאן א קרעדענשעל קאמיטע פון די פריינד קאפלאן, בר. 45, קורוצקי, בר. 84, סלאווין, בר. 308, פלאטקין, בר. 446, אוערבאך, בר. 23, גיט אפ דער סעקרעטער פון די דיסטריקט קאמיטע, פר. סקלאר, זיין באריכט. ער דייטעט אן, אז פאר די קורצע צייט וואס זיי זיינען אריין אלס דיסטריקט קאמיטע, בלויז מיט 9 דעלעגאטען, האבען זיי

אויפגעטאָן זעהר גוטע ארבייט. זיי האָבען דורכגעפיהרט א גרויסען פראָטעסט מיטינג געגען די פאַראורטיילונג פון די ארבייטער פיהרער. אויך האָבען זיי געהאָלפען אָרגאַניזירען די פראָטעסט דעמאָנסטראַציאָן געגען די פאָגראָמען וואָס עס איז פאָרגעקומען אין פוילען. ער באַריכטעט אויך וועגען דעם עקסקורשאָן נאָך סטעלטאָן, וואָס דאָס איז געווען א גרויסע דעמאָנסטראַציע פאַר׳ן אַר. רינג און וואָס עס ברענגט גוטע רעזולטאַטען פאַר׳ן 500 מעמבערשיפ קאַמפּיין וואָס זיי האָבען דורכגעפיהרט. ער גלויבט אַז די צוקינפטיגע קאָמיטע וואָס וועט ערוועהלט ווערען ביי דעם קאָנפערענץ וועט אויפטאָן זעהר גוטע ארבייט. איינשטימיג באַשלאָסען גוט צו הייסען דעם באַריכט און באַדאַנקען די דיסטריקט קאָמיטע פאַר זייער גוטער אַרבייט.

קרעדענשעל קאָמיטע באַריכטעט, אַז עס זיינען פאַרטראָטען 21 ברענטשעס, דורך 3 דעלעגאַטען. זיי רעקאָמענדירען אַלע דעלעגאַטען צוצולאָזען. זייער באַריכט גוט געהייסען. פריינד אב. עפשטיין, טשערמאַן פון דזשענעראל עקזעקוטיוו קאָמיטע ווערט פאָרגעשטעלט פון טשערמאַן. ער באַגריסט אַלע דעלעגאַטען אין נאמען פון די עקזעקוטיווע. ער שטעלט זיך אָפּ אויפ׳ן קאַמפּיין וואָס מיר פיהרען אָן פאַר 20 טויזענד מעמבערס און די 50 טויזענד דאָלאר פאַר׳ן רעליעף וועגען מעמבערשיפ קאַמפּיין דייטעט ער אָן אַז מיט 3 יאָהר צוריק האָבען מיר געהאַט 52,000, זיינען מיר געקומען צום קאָנווענשאָן פון 1916 מיט 60,000 און 1919, 72,000. דאַרפען מיר דעם יאָהר פאַרדאָפּלען אין קאַמפּיין פאַר מעמבערס. אזוי ווי יעדעס געשעפט וואָס מעהר מען אינוועסטעט אַלץ מעהר פּראָפיט קריגט מען. דאָס איז קיינע פאַנטאַזיעס, קיינע אילוזיעס, מיר, די עקזעקוטיוו קאָמיטע רעכענען אויס, דאָס נאָך דריי יאָהר צייט מוזען מיר זיך פאַרדאָפּלען. מיר אַפּעלירען צו אייך דעלעגאַטען, אַז איהר און אייערע ברענטשעס זאָלט אונז העלפען דורכפיהרען ערפאָלגרייך ביידע קאַמפּיינס. ער אַפּעלירט וועגען דעם 50,000 דאָלאַר קאַמפּיין פאַר אונזערע אומגליקליכע שוועסטער און ברידער אין יוראָפּ. זיין אפּיעל רופט ארויס טרעהרען ביי פיעלע פון די אַנוועזענדע.

ער פאָדערט אויף די דעלעגאַטען אַז די נעקסטע דיסטריקט קאָמיטע זאָל זעהען צו טאָן עדיוקיישאָנאל ארבייט. אויך וועגען קראַנקען בענעפיט, אַז מען זאָל זיך ניט פוילען און אז דאָקטאָר אטעסטען זאָלען ווערען גענוי געזעצליך אויסגעצאָהלט. פר. עפשטיין גראַטולירט נוארק וואָס זיי וועלען האָבען די עהרע צו האָבען די 20 יעהריגע יובילעאום קאָנווענשאָן. איינשטימיג באַשלאָסען צו באַדאַנקען די דזשענעראל עקזעקוטיווע דורך איהר טשערמאַן פר. אב עפשטיין פאַר איהר גוטע ארבייט. נאָמינייישאָן און עלעקשאָן איז פאָרגעקומען. פאָלגענדע 15 זיינען ערוועהלט געוואָרען פאַר׳ן נעקסטען יאָהר אין די דיסטריקט קאָמיטע: סקלאַ, לין, עלינסקי, ביקאפסקי, העק, קאַפּלאן. קרעמער, ראבינאָוויץ, ראָטשטיין, שטיינבערג, גאָלדבערג, גילמאַן, מינץ, לערנער און פיינבערג. דערמיט האָט זיך דער קאָנפערענץ געשלאָסען.

דער סטייט קאָנפערענץ עפענט זיך באלד נאכדעם ווי דער דיסט. קאָנפערענץ האָט זיך געשלאָסען. איינשטימיג באַשלאָסען, אז דער טשערמאַן און דער סעקרעטער זאָלען בלייבען די זעלבע. אַ ראָל קאָל גענומען פון די דעלעגאַטען צייגט, אַז 30 ברענטשעס זיינען פאַרטראָטען. סר. סלאווין, דירעקטאָר פון סטייט, גיט אָפּ זיין באַריכט פון די ארבייט פון די נאַציאָנאַלע באָארד אָוו דירעקטאָרס. ער דייטעט אָן, אז זיי האָבען האַרמאָניש געארבייט צוזאַמען מיט די נאַצ. עקז. זיין באַריכט איינשטימיג מיט דאַנק אָנגענומען. נאָמינייישאָן פאַר דירעקטאָר פאָרגעקומען. פריינדע האָבען געקראָגען די נאָמינייישאָן: פר. לין, בר. 256, נואַרק, און פר. פיין, בר. 276, פּאַסייק. איינשטימיג באַשלאָסען, אַז די 2 נאָמינירטע פריינדע זאָלען ארויגעשטעלט ווערען אויפ׳ן באלאט צו אַ רעפערענדום וואוט.

דערמיט איז דער סטייט קאָנפערענץ געשלאָסען.

ס. ה. לעווין, סעק.

---

# סטייט קאָנפערענץ פון איליניאָיז.

זונטאג, דעם 24טען אויגוסט, ווערט ערעפענט די סטייט קאָנפערענץ, אויסצוהערען אַ באַריכט פון נ. ב. ד. און נאָמינירען א נ. ב. ד. פון דער דיסטריקט אָרגאַניזיישאָן קאָמיטע. שטראָסמאַן פון ברענטש 131 ווערט ערוועהלט טעמפּאָרערי טשערמאַן; קאָבלענץ, פון בר. 264, טעמפּ. סעקרעטער; קרעדענשעל קאָמיטע, חדש, בר. 254, שטערן, בר. 178, לעווין, בר. 176.

די קרעדענשעל קאָמיטע באַריכטעט, אז עס זיינען פאַרטראָטען 82 ברענטשעס: 819, 176, 409, 306, 544, 254, 478, 519, 448, 162, 614, 178, 631, 391, 472, 516, 404, 495, 65, 264, 129, 377, 472, 444, 384, 515, 103, 127, 227, 467, 448, 564, 376, 547. אַ פאָרשלאָג אַז דער טעמפּ. טשערמאַן און סעק. זאָלען פאַרבלייבען ווערט אָנגענומען.

בענענסאָן, פון דער נ. ב. ד. באַריכטעט, אַז וויכטיגע סכסוכים האָבען זיי ניט געהאַט צו שליכטען, מחמת, די עקזעקוטיווע איז נאָך ניט לאַנג אין אָפּיס, ערשט אַ פּאָר מאָנאַטען. זיי האָבען אויסגעהערט באַריכטען פון אַלע קאָמיטעען. דער אַרבייטער רינג איז אין אַ גלענצענדען צושטאַנד. האָט 72 טויזענד מעמבערס. פאַרמעגען, אַ מיליאָן און הונדערט טויזענד. אַלע פאָנדען זיינען אין אַ גוטען צושטאַנד.

דער קאָנסאַמפּשאָן פאָנד האָט אַ סוירפּלוס פון 20 טויזענד דאָלאַ[...]
דער סאַניטאַריום אויסהאַלטונגס פאָנד האָט אַ דעפּיציט פון 8 טויזע[...]
דאָלאַר. דערפאַר האָט דער בילדינגס פאָנד אַ סוירפּלוס פון 23 טויזע[...]
דאָלאַר, און דער פאָנד קען באַנוצט ווערען אויסצוהאַלטען דעם סאַ[...]
טאַריום. דער קאָנווענשאָן פאָנד האָט אַ דעפּיציט פון 26 טויזענד ד[...]
ווען אַלע רעגעלע אַסעסמענטס וועלען איינגעקאָלעקטעט ווערען, וו[...]
דער דעפּיציט זיין 18 טויזענד דאָלאַר, און זיי רעקאָמענדירען [...]
פאַרגרעסערען די אַסעסמענטס. אין קאָנווענשאָן אויסגאַבען גע[...]
אַריין אַלע דאָנייישאָנס וואָס ווערען געמאַכט. דער קראַנקען בענע[...]
פאָנד האָט אַ סוירפּלוס פון 12 טויזענד דאָלאַר. די עדיוקיישאָנ[...]
קאָמיטע האָט אַ דעפּיציט פון 14 הונדערט דאָלאַר. די עדיוקיישאָנ[...]
קאָמיטע האָט באַשלאָסען ניט צו מאַכען קיין גרויסע אונטערנעהמונג[...]
אויך ניט צו פאַרבינדען זיך מיט די יוניאָנס. 10 אַרבייטער קינד[...]
שולען זיינען געגרינדעט געוואָרען אין פאַרשיעדענע שטעדט.
באַוועגונג פאַר אַרבייטער רינג שולען איז דאָ אין 35 שטעדט. [...]
האָבען אַרויסגעגעבען 35 טויזענד ביכער אין די ווערטה פון [...]
טויזענד דאָלאַר. זיי געהען יעצט אַרויסגעבען אַ בוך איבער זאָאָלאָגי[...]
אַ בוך איבער כעמיע, אַ בוך איבער אַריפמעטיק און אַ בוך איב[...]
קאָאָפּעראַציאָן.

דער מעדיקל דעפּאַרטמענט איז נאָך ניט אין אָרדנונג, אָבער [...]
ווערט אַלץ בעסער, זיי וועלען איבערגעבען אַ טייל אַדרעסען צו [...]
אַדרעסינג קאָמפּאַני. אַרויסצוגעבען דעם „פריינד" קאָסט 18 טויזע[...]
דאָלאַר יעהרליך. די גרייוועַנס קאָמיטע רעפּאָרטעט פון אַן אַלטע קי[...]
וועגען די 20 מעמבערס פון פעטערסאָן וואָס זיינען שטראָפירט געוואָר[...]
פון 50 ביז 99 דאָלאַר פאַר אַרבייטען אויף מעהר ווי אויף צוו[...]
וועב־שטוהלען געגען די יוניאָן רולס. זיי האָבען גע׳טענה׳ט, אַז [...]
אַרבייטען פאַר זיך און דעריבער מעגען זיי אַרבייטען אויף מעהר [...]
אויף צוויי וועב־שטוהלען. זיי האָבען געוואָלט אָרגאַניזירען [...]
אייגענעם ברענטש, אָדער ווערען מעמבערס עט לאַרדזש, מען האָט [...]
אָבער צוריקגעוויזען.

די עקזעקוטיוו קאָמיטע האָט אַרויסגעלאָזען אַן אויפרוף פ[...]
נייע 20 טויזענד מעמבערס אין אַרבייטער רינג. ביי אַביסעלע אָנשטר[...]
גונג קענען מיר זיין ערפאָלגרייך און נאָך אַריבערכאַפּען די צאָה[...]
אויך אַן אויפרוף פאַר 50 טויזענד דאָלאַר פאַר דעם רעליעף פאַנ[...]
העלפען אונזערע פּאָגראָמירטע און פאַראומגליקטע שוועסטער א[...]
ברידער אויף יענער זייט ים. דער ציפער איז ניט קיין גרויס[...]
פאַר 72 טויזענד מעמבערס אַביסעלע אַרבייט און מיר וועלען זיכ[...]
שאַפען מעהר.

די עקזעקוטיווע האָט אָרגאַניזירט אַ לאָקאַל קאָמיטע. די עקז[...]
קוטיווע נעהמט אַנטייל אין דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג. [...]
האָט איינגעלאַדען די עקזעקוטיווע צו אַ באַראַטונג וועגען די שטרי[...]
טיגקייטען פון די לינקע און רעכטע אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי[...]
די עקזעקוטיווע איז געווען צוטיילט אין דער מיינונג, אַנדערע האָב[...]
יאָ געוואָלט נעהמען אַ שטעלונג און אַנדערע ניט. די נ. ב. ד. האָ[...]
באַשלאָסען ניט צו נעהמען קיין שטעלונג, ווייל דאָס איז שייך צו ד[...]
פּאַרטיי, און זאָלען די פּאַרטיי מעמבערס דאָס שליכטען.

אָפּיס קאָמיטע באַריכטעט, אַז אַלע טויטען בענעפיט וואָס זייע[...]
בענעפיציאַנטען זיינען אין די לענדער וואָס קיין קאָמוניקאַציאָן אי[...]
ניטאָ, איז איבערגעגעבען געוואָרען צו אַ קאַסטאָדיאַן, און אַזוי שנע[...]
ווי מען וועט קענען וועט מען אויסצאָלען די בענעפיטס. אויך באַרי[...]
טען זיי, אַז אין ברענטשעס וואָס מען האָט פאַרנומען געלט האָבען ד[...]
ברענטשעס ניט גענומען קיין ליגעל שטעלונג. די אָפּיס קאָמיטע הא[...]
זיי געמאַכט צו נעהמען אַ שטעלונג.

די סאַניטאַריום קאָמיטע באַריכטעט, אַז אַלעס איז אין בעסטע[...]
אָרדנונג. דער טומעל וועגען סטרייק איז אַריבער. דער נייער דאָק[...]
טאָר איז צופרידענשטעלענד. עס געפינען זיך 78 פּאַציענטען אי[...]
סאַניטאַריום. בענענסאָן, מיט נאָך 2 נ. ב. ד. האָבען באַזוכט דע[...]
סאַניטאַריום. ער באַשטעטיגט, אַז אַלעס איז אין בעסטען אָרדנונ[...]
די סטייטס רעפּאָרטס זיינען ווי געוועהנליך צופרידענשטעלענד, אויסע[...]
מישיגען סטייט, וואו עס קומט פאָר מחלוקות אין די ברענטשעס פו[...]
אַרבייטער רינג צוליעב די „לינקע און רעכטע" פראַגע. נאָך איניגע[...]
פראַגען וואָס דער נ. ב. ד. פאַרענטפערט, געהט מען צו צו נאָמינאַציאָנען[...]
און בענענסאָן מיט 162, און קאָבלענץ מיט 264 געהן אַרויף אויפ׳[...]
באַלאָט.

דער קאָנפערענץ באַדאַנקט דעם נ. ב. ד. פריינד בענענסאָן, או[...]
דאַמיט שליסט ער זיך

ב. קאָבלענץ, סעקרעטער.

---

עס איז גישט קיין קונץ צו זיין נ ו ם. שווערער איז צו זיי[...]
געַרעכט.

* * *

צו דערווייזען, אַז זיי זיינען אַ גרעסערעס פאָלק פון די פּאָליא[...]
קען, האָבען די אוקראַינער געוויזען, אז זיי קענען מאַכען גרעסער[...]
פּאָגראָמען.

* * *

„זאָל לעבען די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַלע רעוואָלוציע. ד[...]
איינציגע האָפנונג פון דער לוידענדער וועלט"! אַזוי ענדיגט זיך [...]
דער מאַניפעסט פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. טאַקע אַ בור[...]
זשואַזנע און רעאַקציאָנערע קליקע...

# פון אונזער קאָרעספּאָנדענץ

## אַן אַלטע אָבער גוטע שטיקעל אַרבייט פון בר. 67.

ווי באַוואוסט, האָבען מיר אין באַלטימאָר אַ ברענטש פון די
פיפּעלס רעליעף", וואָס אַרבייט אונערמידליך צו זאַמלען געלט פאַר
:ונזערע שוועסטער און ברידער אויף יענער זייט ים. לײדער איז די
אַהל וועלכע אַרבייטען פאַר דיזער קאָמיטע אַזוי קליין, אַז עס איז
:ויין צו פאַרדאַנקען איניגע טוער, וואָס די אַרבייט געהט נאָך אָן.
:ן דער ברענטש פון „פּיפּעלס רעליעף" עקזיסטירט נאָך. אונזער
:ענטש האָט דאַריבער באַשלאָסען, אַז דעם 20טען אַפּריל זאָלען אַלע
:ונזערע מעמבערס וואָלונטירען צו געהן קלייבען פאַר די מלחמה
:רבנות. און די פאָלגענדע פריינדע האָבען זיך אָפּגערופען אויף אונזער
:פיעל:

:ח פיסאַרעווסקי און א. סורעף האָבען קאָלעקטעט $12.05
; נוידיטש און מיסס גלאַססמאַן,$19.70 ; מ. גרינבערג און א. שאַ-
:ירא, $12.05 ; דזשיי. בייטס און א. גלאַססמאַן, $15.75 ; ה.
:וינקער און דזש.פייט, $16.60 ; י. לאַנדאַן, $2.25 ; דזש. קאַרשינ-
:קי און י. סאַמועלסאָן, $172.50 ; ע. שטיין און ה. מאָפּשאָוויטץ,
$4.2 ; ד. פערלאָו און ע. שאַפּירא,$10.05 ; מ. טייגמאַן און י.
:רנידא,$19.00 ; ס. גאָלדבערג און לייבאָוויטץ, $16.70 ; ס. פאַרבער
:ן באַרד,$18.70 ; ס. קאַפּלאַן און ש. גאָלדבערג, $20.00 ; ש. קאַפּ-
:אַן און ב. פעלדמאַן, $60.50 ; מש. פרענק און דזש. צירולניק,$14.00;
:בערלין און ל. בערלין,$11.40 ; דזש. לומצקי און ד. בראַון, $10 50;
. שולמאַן און ה. ווערניקאָוו, $13.75 ; ש. טאַטער און פ. קליין,
$22.2 ; דזש. מייזער און ש. לייבאָוויטץ, $14.00 ; ב. מאַרגאָלין,
$17.5 ; פ. זילבערמאַן און דזש. ראָזען, $8.35 ; מיסס א. פישער
:ן מיסס ב. לאַפּף, $24.00 ; א. זאַקס און ח. קאַטץ, $9.75 ; מיסס
:וליע שיינקין און בעסיע קאַראַסיק, $10.05 ; ש. קורלאַנד און ח.
:שעראַף, $16.45 ; דזש. לעקאָך און ב. לייבאָוויטץ, $17.30 ; דזש.
:ולסקי און ש. מיללער, $12.05 ; קעש קאָלעקטעד ביים טרעזשורער,
$34.0 ; צוזאַמען, $635.42

ביי אונזער לעצטען מיטינג פון 9טען דזשולײ איז דער פולער
:עפּאָרט אָפּגעגעבען געוואָרען, ווי פאָלגט:

| | |
|---|---|
| איינגאַהמע | $635.42 |
| אויסגאַבען, אַדווערטייזמענט | 8.00 |
| פרינטינג | 9.50 |
| סיין | 5.00 |
| קאַר פעיר | .12 |
| איבערגעגעבען צום פּיפּעלס רעליעף | 612.80 |
| צוזאַמען | $635.42 |

עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו באַדאַנקען די יעניגע, וועלכע
:אָבען געהאָלפען אין דיזער נאָבעלער אַרבייט. אַ דאַנק איז אויך
:יסגעדריקט געוואָרען צו פריינד וויליאַם ראָזענבערג, אונזער פאַר-
:רעטער פון „פאָרווערטס", וועלכער האָט אונז געגעבען פּלאַץ אין
:פאָרווערטס" פאַר אַן אַפּיעל, און האָט קוויטירט די גרעסערע נדבות
:ון די נעמען פון די וואָלונטירען. מיר מיינען ניט מיט דיזען רעפּאָרט
:יך צו באַריהמען, מיר ווייסען, אַז מיר האָבען בלויז געטאָן אַ טייל
:ון אונזער פליכט, מיר ווילען בלויז דערמאָנען די יעניגע וואָס האָבען
:אָך גאָר ניט געטאָן פאַר דיזען הייליגען צוועק. ווי איינפאַך און
:ייכט זיי קענען אויך העלפען, ווען עס איז נאָר דאָ דער ווילען דערצו.
:ן עס פרעהט אונז צו הערען דאָס אַנדערע ברענטשעס פון אַרבייטער
:ינג האָבען אויך געטאָן דאָס זעלבע און געווען ערפאָלגרייך.

א. נינזבורג, סעקרעטער און טרעזשורער.

---

## רעזאָלוציאָן פון ברענטש 176.

אַזוי ווי די מלחמה מיט דייטשלאַנד האָט זיך געענדיגט דעם
:1טען נאָוועמבער פון לעצטען יאָהר און קיין מלחמה-ערקלעהרונג
:עגען רוסלאַנד איז קיינמאָל נישט געמאַכט געוואָרען דורך דעם קאָנ-
:רעס פון די פאַראייניגטע שטאַטען, און אַזוי ווי אַ מעמבער פון
:ונזער אָרגאַניזאַציאָן וואָס דיענט אין דער אַמעריקאַנער אַרמעע
:עפינט זיך יעצט מיט דער אינטערווענציאָנס אַרמעע פון די עלליים,
:וואָס קעמפט און טויטעט רוסישע פויערים און אַרבייטער, דאַריבער
:אַל עס באַשלאָסען זיין, אַז מיר, די מיטגליעדער פון ברענטש 176
:רבייטער רינג פון שיקאַגאָ, אילל. פאַראייניגען זיך אין דער פאָדער-
:ונג, אַז די אַמעריקאַנער סאָלדאַטען זאָלען גלייך ווערען צוריקגערופען
:ון דער רוסישער טעריטאָריע, און זאָל עס אויך באַשלאָסען זיין צו
:יקען קאָפּיעס פון דער רעזאָלוציאָן צום פּרעזידענט פון די פאַראייני-
:גטע שטאַטען,ווילסאָן, צו דעם סענאַט און צו דעם קאָנגרעס פון די
:אַראייניגטע שטאַטען.

א. שוואַרץ, סעקרעטער.

## רעפּאָרט צום דזשאָינט מיטינג פון אַלע ברענטשעס אין סט. לואיס.

דעם 30טען סעפּטעמבער האָט די סיטי קאָמיטע געמיטעט דעם ערשטען מאָל, און איהר ווייסט דאָך וואָס פאַר אַן אָרדנונג מיר האָבען געפונען, אַ ביל צום גענעראַל אָפּיס פאַר $26.00 איז געווען אונזער ירושה. קיינע אינפאָרמיישאָן, קיינע אַדרעסען און קיין אָרדנונג איז ניט געווען. אונטער אַזעלכע אומשטענדען האָבען מיר זיך געפונען די ערשטע צייט פון אונזער עקזיסטענץ, נאָר מיר זיינען צוגעטראָטען צו דער אַרבייט מיט דעם גלויבען דאָס די ברענטשעס וועלען אונז מיטהעלפען אין אונזער אַרבייט וועלכע קאָן ווייט ניט גרייכען אָהן זייער הילף. און מיר האָבען אויפגעפאָדערט די ברענטשעס צו ווערען טעטיג אין דעם קאַמפּיין פאַר 70 טויזענד מעמבערס, און אין דער זעלבער צייט אויפמערקזאַם געמאַכט זיי זאָלען האָבען שטענדיגע קאָ-מיטעס צו באַזוכען די געשטראָבענע מעמבערס ווען די שולדען זיינען געווען געשענקט ווען זיי וועלען קומען צוריק ביז דעם 1טען פעברואַר, 1919, און אויך ווירקען דאָס די פרויען זאָלען אַריין אין אַרבייטער רינג. אַליין האָבען מיר זיך צוטיילט אין קאָמיטעס צו באַזוכען די אָרגאַניזאַציאָנען און יוניאָנס פון שטאָדט און אויפפאָדע-רען זיי צו ווערען מעמבערס פון אַרבייטער רינג. איניגע ברענטשעס האָבען עס אויפגענומען מיט צופרידענהייט און ערוועהלט דיזע קאָ-מיטעס און גענומען זיך טעטיג פאַר'ן קאַמפּיין. אַנדערע אָבער האָבען געקוקט אויף דער זאַך ווי איינער זאָגט „וואָס דולען זיי זיך אַ קאָפּ מיט קאָמיטעס, מיר קאָנען שלאָפען רוהיג אָהן קאָמיטעס און עס איז ניט זייערע ביזנעס אונז צו באַדערען", פאַרשטעהט זיך דאָס דיזע ברענטשעס האָבען פיעלעס ניט אויפגעטאָן, און זיי איז אויך געקומען צו הילף די „פלו", וועלכע האָט אָפּגעשטעלט דעם לעבען אין די ברענטשעס פאַר צוויי מאָנאַטען צייט, און ווען מיר האָבען זיך צוזאַ-מענגעקומען דעם 6טען יאַנואַר, האָבען מיר געפונען די אַרבייט אין די ברענטשעס אויף דעם זעלבען פלאַץ וואָס מיר האָבען געלאָזען, מיט דער אויסנאַהמע פון ברענטש 470. די באַריכטען פון די ברענטשעס האָבען איבערצייגט פאָלגענדעס: אין דעם 73טען קוואַרטאַל האָט ברענטש 60 געשטראָבען 3 מעמבערס און קיינע אַריינגענומען. ברענטש 470 האָט געשטראָבען 2 און אַריינגענומען 18. ברענטש 466 האָט קיינע געשטראָבען און פאַרגעשלאָגענע 8 קאַנדידאַטען האָבען ניט געהאָט מיט ווען צו געהן צום דאָקטאָר. זייער דעלעגאַט האָט זיך געווענ-דעט צו דער סיטי קאָמיטע דאָס מיר זאָלען נעהמען זייערע קאַנדידאַטען צום דאָקטאָר. ברענטש 222 האָט געשטראָבען 1 מעמבער און קיין נייע ניט צוגעקראָגען. מיט איין וואָרט, די ברענטשעס האָבען גאָר ניט געטאָן אין קאַמפּיין, און מיר האָבען באַשלאָסען צו באַזוכען די ברענ-טשעס פערזענליך און וועקען זיי צו טעטיגקייט. אין דער זעלבער צייט האָבען מיר געקראָגען אַ צושריפט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע וועלכע גיבען אַוועק דעם סאַניטאַריום טאָג פאַר זאַמלען געלדער, פאַר די מלחמה קרבנות, און מיר האָבען באַשלאָסען אַן אונטערנעהמונג פאַר דיזען צוועק וועלכע איז ניט דורכגעפיהרט געוואָרען ווייל עס איז געוועז אונמעגליך צו קריגען אַ פּאַסענדע צייט וועלכע זיינען געווען פאַרנומען פאַר אַנדערע אונטערנעהמונגען פון אונזערע אָרגאַניזאַציאָ-נען. מיר האָבען אויך אויפגעפאָדערט די ברענטשעס צו שאַפען זייער טייל פאַר די מלחמה קרבנות, וואָרום ביי איניגע איז די פראַגע געווען אָפּגעלייגט אין דער לאַנגער באַנק. די ברענטשעס האָבען זיך גלייך אָפּגערופען. איניגע האָבען זיך געטעקסט, אַנדערע פרייוויליג. און מיר וועלען שיקען אַ באַדייטענדע סומע אַלס אונזער קאָנטריביושאָן צום 50 טויזענד דאָלאַר פאָנד. מיר האָבען אַראַנזשירט א. ש. זאַקס פאַר 2 לעקטשורס פאַר דעם 3טען און 4טען מאַרטש וועלכע זיינען געווען אַ מאָראַלישער ערפאָלג, פינאַנציעל וועט אונז פעהלען עטליכע דאָלאַר וועלכע מיר זיינען זיכער די ברענטשעס וועלען אונז ביישטייערען. מיר האָבען געשיקט אַ בוקעט בלומען צו קעיט אָ'העיר, ביי איהר אבשיעד אַבענד וואָס די פּאַרטיי האָט פאַר איהר אַראַנזשירט, און מיר זיינען געווען אַלע פאַרטראָטען ביי דיזען אָבענד. באַזוכענדיג די ברענטשעס האָבען מיר פאַרמידען איניגע אונאַנגענעהמליכקייטען וועלכע וואָלטען געבראַכט שאָדען דעם אַרבייטער רינג. אין אַ צווייטען ברענטש האָבען מיר אויסגעפונען דאָס זיי זיינען צופיעל אַווטאָנאָמנע, און שיקען נאָר איין מאָהל אַ יאָהר פינאַנציעלע רעפּאָרטס אין דזשע-נעראַל אָפּיס, ווען דער אָפּיס פאַרלאַנגט פערטעל יעהרליכע רעפּאָרטס. מיר האָבען וועגען דעם זיי אויפמערקזאַם געמאַכט און אויפגעפאָדערט עס נאָכצוקומען. מיר האָבען אויך פאָרגעבראַכט פאַר די ברענטשעס וועגען האָבען אַן איגענע סעמעטרי, און מיר וועלען האָבען אין גיכען אַ קאָנפערענץ און מיר וועלען עס טרייען פאַרווירקליכען.

מיר וואָלטען געקאָנט פיעל מעהר אויפטאָן ווען די דעלעגאַטע[ן] טען אַטענדעט צו די מיטינגען און צו דער אונטערנומענער אַרבייט זיי זיינען פעהיג צו טאָן. ביז היינט צו טאָג זיינען בלויז 8 ברע[נ]

טעטיג אין קאמפיין פאר מעמבערס, און איינער טריועט איבערשטייגען דעם צווייטען. ברענטש 470 האט פאר דער צייט אנגעפיהרט א לאאן פאנד, און צאהלט עקסטרא 2 דאלאר א וואך סיק בענעפיט, ד. ה. 8 דאלאר א וואך, און ביז דעם 1טען מאי נעהמען זיי אריין מעמבערס מיט פרייע דאקטאר עקזאמינייששאן. דאס זעלבע טוט ברענטש 222 און ברענטש 466, נאר איין ברענטש 60 טוט גאר ניט אין קאמפיין פאר מעמבערס. נאר מיר ערווארטען דאס זיי וועלען אויך מיטגעשלעפט ווערען מיט'ן שטראם און וועלען אויך טאן אויף דיזען געביעט., ווארום אין סט. לואיס איז דא פלאץ פאר נאך 2 טויזענד מעמבערס אין ארבייטער רינג, און יעצט איז די צייט גינסטיג אזעלכעס צו האבען. די מעמבערשיפ היינט צו טאג איז ווי פאלגט: ברענטש 60, 118 מעמבערס; בר. 470, 129 מעמבערס; ברענטש 466, 44 מעמבערס; ברענטש 222, 41 מעמבערס, און 6—7 אפליקיישאנס אין דזשענעראל אפיס.

איינזעהענדיג די ניט עהרליכקייט פון 2 ברענטשעס אין די וואהלען פאר א דעלעגאט צו דער קאנווענשאן, האבען מיר געצויגען די אויפמערקזאמקייט פון דזשענעראל אפיס, וועלכע האבען עס אנגענומען אלס א קאנטעסט פון דער ערוועהלונג פון אונזער דעלעגאט.

צום שלום ווילען מיר אייך זאגען, דאס מיר, לעבענדיג אין אזא אויסערגעוועהנליכער צייט און ניט טוענדיג אונזער חלק פאר אונזער באפרייאונג, דארפען ניט רופען זיך מיט דעם נאמען וואס מיר פרעטענדירען צו זיין. מיר גלויבען, דאס נאך 100 מעמבערס אין ארב. רינג מיינט א יאהר וועהניגער שקלאפען אין דער קאפיטאליסטישער סיסטעם. און דארום פריינדע, צו דער ארבייט פאר 2 טויזענד מעמבערס אין ארבייטער רינג אין סט. לואיס.

מיט פריינדליכען גרוס,

סעם מאנעוויטש, סעקרעטער.

---

## האדסאן בוירגען יעהרליכער קאנפערענץ.

זונטאג, דעם 17טען אויגוסט איז אפגעהאלטען געווארען דער יעהרליכער קאנפערענץ אין ארבייטער רינג בילדינג, 110 גרענד סט., האבאקען ניו דזשוירזי.

פריינד מ. שיינבוים, פון ברענטש 59, איז ערוועהלט געווארען טשערמאן פון קאנפערענץ; פריינד מ. שאכמאן, פון בר. 504, סעק.; פריינדע ס. באסקין און ב. שליפער אלס קרעדענשעל קאמיטע. די קרעדענשעל קאמיטע באריכטעט פאלגענדע דעלעגאטען זיינען געוועזען פארטראטען:

פריינדע זעקער, שטיין און פעלדמאן פון ברענטש 7.
פריינדע שיינבוים און שייפער פון ברענטש 59.
פריינדע בייטעל, שליפער און בייקער פון ברענטש 198.
פריינדע פיינגאלד און סאפרא פון ברענטש 486.
פריינדע בלום, ניידיץ, בלעקמאן און ארבאנעל פון ברענטש 504.
פריינדע מילער און לעווין פון ברענטש 316.
פריינדע וויסמאן און ראטמאן פון ברענטש 577.
פריינדע באסקין שאכמאן, יזראעייא, פון דער דיסט. קאמיטע.
פריינד קרינסקי איז געוועזען פארטראטען פון דער נ. א. קאמיטע.
צוזאמען, 21 דעלעגאטען.
די ברענטשעס 10, 329, 595, זיינען געוועזען אבוועזענד.

אזוי ווי דער פראטאקאל סעקרעטער פון דער דיסטריקט קאמיטע איז געוועזען אבוועזענד, איז דער פראטאקאל פון לעצטען קאנפערענץ ניט געלעזען געווארען.

פריינד ס. באסקין באריכטעט פאר דער דיסטריקט קאמיטע די ארבייט פון לעצטען יאהר, אז האדסאן בוירגען קאונטי האט אריינגענומען נייע מעמבערס מעהרער ווי די קוואטא וואס זיי האבען געהאט ארייצונעהמען.

די האדסאן קאונטי ברענטשעס האבען זיך געטשארטערט אלס א קא־אפעראטיוו אסאסיאיישאן און ארויסגעלאזען שערס אויף דער סומע פון 10 טויזענד דאלאר. זיי האבען ביז יעצט שוין פארקויפט 800 שעהרס צו א מעמבערשיפ פון אריבער 400, און אזוי גיך ווי זיי וועלען האבען קאלעקטעד א סומע פון 5 טויזענד דאלאר וועלען זיי אנפאנגען מיט א בעקערי פאר האדסאן קאונטי. זיי האבען אויך געטאן ארבייט פאר דעם רעליעף. האבען דורכגעפיהרט א פיק ניק דעם 10טען אויגוסט, וועלכער איז געוועזען ערפאלגרייך מיט אריבער $1,400 פאר דעם רעליעף פאנד. און דיזע ארבייט איז בלויז געטאן געווארען פון די ברענטשעס אויסער בעיאן, ווייל בעיאן האט זיך צוריקגעצויגען פון דער דיסטריקט קאמיטע, און נאך א לענגערע דעבאטע אין באצוג בעיאן האט דער קאנפערענץ באשלאסען, אז דער דזשענעראל אפיס זאל שיקען א פארטרעטער צו די ברענטשעס 10, און 316 פון בעיאן מיט דער אנוועזענהייט פון פארטרעטער פון דער דיסטריקט קאמיטע צו שליכטען דעם סכסוך. פריינד קרינסקי ערקלעהרט, אז אויסהערענדיג דעם באריכט פון דער דיסטריקט קאמיטע איז ער איבערצייגט, אז די דיסט. קאמיטע האט געטאן ערפאלגרייכע ארבייט לעצטען יאהר. ער אפעלירט אין נאמען פון דער נאצ. עקזעקוטיוו קאמיטע פאר 20 טויזענד נייע מעמבערס, און 50 טויזענד דאלאר פאר דעם רעליעף פאנד, וועלכע די נייע ערוועהלטע דיסטריקט קאמיטע נעהמט אויף דעם אפיעל מיט גרויס באגייסטערונג און פארפליכטען זיך צו ערפילען דעם וואונש פון דער נאצ. עקזעקוטיווע, אזוי ווי זיי האבען אלע מאל דורכגעפיהרט די באשליסע פון דזשענעראל אפיס.

דאן נעהמט דער קאנפערענץ אן א פארשלאג, אז אזוי ווי ע... פאדערט זיך מעהר ארבייט פאר דעם נעקסטען יאהר פון דער דיס... קאמיטע, זאל די צאהל מעמבערס אין דער דיסט. קאמיטע זיין פארטר... טען 2 פון יעדען ברענטש און 3 פון דער פריהערדיגער דיסט. קאמיט... און פאלגענדע ווערען ערוועהלט אלס נייע דיסטריקט קאמיטע:

בר. 7, א. זעקער און נ. שטיין; בר. 59, מ. שיינבוים און שייפע... בר. 198, ל. בייטעל און ב. שליפער; בר. 486, פיינגאלד און סאפרא... בר. 504, בלום און ניידיץ; בר. 577, וויסמאן און ראטמאן.

שאכמאן, באסקין און פעלדמאן פון דער פריהערדיגער דיסט קא...

אזוי גיך ווי די דיסט. קאמיטע וועט האבען איינגעקאלעקטעד ... גאנצע סומע געלט וואס דער פיק ניק האט געמאכט פאר דעם רעלי... פאנד וועט די געלט געשיקט ווערען צום דזשענעראל אפיס.

מ. שאכמאן, סעק. פון קאנפערענץ.

---

## רעזאלוציאן

ביי א ספעשעל מיטינג פון די פובאוויטץ קאסעווער ברענטש 59 ארבייטער רינג, איז דעבאטירט געווארען די פראגע ווי אזוי צו העלפ... די פאגראם קרבנות, און עס איז באשלאסען געווארען צו טעקס... יעדען מעמבער מיט 2 דאלאר.

ברענטש 259 ארבייטער רינג,
גאלדמאן, סעקרעט...

---

## סלאנימער ברענטש 142 ארבייטער רינג.

מיר בעטען יעדען ברענטש און מעמבער פון ארבייטער רינג א... פילאדעלפיא, איהר זאלט ניט נעהמען קיין אונטערנעהמונג פא... מיטוואך, דעם 3טען דעצעמבער, ווייל אונזער ברענטש האט גענומ... דעם גאנצען ארטש סטריט טעאטער, וואו לעאן בלאנק וועט שפיל... „דער איינציגער עדות", פון ז. ליבין, און דער גאנצער פראפיט וו... געהן פאר אונזערע אומגליקליכע ברידער און שוועסטער אויף יענ... זייט ים.

מיר וואלטען געוואלט, אז אלע מעמבערס פון ארבייטער רי... זאלען אונז נאכטהאן און זיך נעהמען צו דער ארבייט און ז... צוהערען אויף דעם גרויסען רוף פון דער „נאציאנאלער עקזעקוטי... קאמיטע" פאר די 50 טויזענד דאלאר פאר די מלחמת קרבנות.

מיר האפען, אז אונזער ברענטש פון 200 מעמבערס, ווען מ... וועלען האבען אן ערפאלג מיט דער אונטערנעהמונג, וועלען מיר קענ... געבען אונזער חלק, פון 500 ביז 600 דאלאר, און איך האף אז א... מעמבערס פון ארבייטער רינג וועלען דאס נעהמען אין אנבעטראכ...

פארבלייב איך מיט פריינדליכען גרוס,
מארים סלוצקי, סעק. פון בר. 142 א. ר.

---

## רעזאלוציאן פון ווארשעווער פראגרעסיוו יאנג מענס בר. 50 א. ...

ביי אונזער ספעשעל מיטינג, וואס איז אפגעהאלטען געווארען פרייטאג, דעם 15טען אויגוסט, איז אויסגעהערט געווארען דער באריכ... פון אונזערע דעלעגאטען צום „פיפעלס רעליעף קאמיטע קאנפערענץ" די ברידער ברוך צוקערמאן, מאקס פיין און מאיר גיללים האב... באריכטעט וועגען די שרעקליכע לאגע פון אונזער אידישען פא... אין די קריעגס לענדער, און עס ווערט באשלאסען ביוצושטייער... 150 דאלאר צום $50,000 פאנד וועלכער דער ארבייטער רינג שאפ... פאר דעם צוועק צו העלפען די מלחמה קרבנות.

ה. קראוז, סעקרעטער.

---

## פעהלער פארריכטונג.

אויף דעם דאנק און קוויטירונג, וואס געפינט זיך אין סעפטעמ... בער נומער „פריינד", אין דער הויך פון דעם לינקען שפאלט אוי... זייט 41, האט זיך לוידער ארויסגערוקט דער קעפעל: קוויטירונ... פון ברענטש 205. מיר בעטען די ברענטשעס וואס האבען געשיצ... דעם ברענטש נאכקוקען אין דעם אויבענדערמאהנטען פלאץ אויב זיי... סומע איז דארט קוויטירט.

---

די „לעבענס־פראגען", דער ארגאן פון „בונד" אין פוילען שטעהט אונטער א פראגע צייכען פון לעבען אדער טויט. מיר קענ... און מיר מוזען איהם געבען דעם צייכען פון לעבען, אונזער שטיצ... אויף זיין לעבענס־פראגע. דער גענעראל אפיס פון ארבייטער רינ... וועט מיט דאנק אננעהמען אייער ביישטייער.

---

אויב איהר ווילט מיט עפעס דערגענצען אייער גוטע שטימונ... נאכדעם ווי איהר האט געגעבען א שעהנעם ביישטייער פאר'ן רעליעף פאנד — שלאגט פאר נאך א נייעם מיטגליעד פאר אייער ברענטש.

* * *

אלזא, דער הויך־פיסיגער ניקאלאי ניקאלאיעוויטש איז געקומע... מיט זיין געניטשאפט העלפען קאלטשאק'ען — צו לויפען...

* * *

אויב אלע א. ר. ברענטשעס וואלטען נאכטאן בר. 9, וואלטען מיר אליין געקענט שאפען דעם יאהר פאר די מלחמה און פאגראם קרבנות ארום דריי־פערטעל מיליאן דאלאר.

# THE FRIEND

OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMEN'S CIRCLE

Published Monthly

ABRAHAM EPSTEIN, National Chairman
ISADORE COHEN, National Vice Chairman
L. ARKIN, Sec'y N. B. of Directors

J. BASKIN, General Secretary
P. GELIEBTER, Recording Sec'y
N. FREIMAN, Treasurer

I. B. BAILIN, Managing Editor

Office of Publication:
11 Martha Place, Passaic, N. J.
General Office:
175 E. Broadway, N. Y. City.

Subscription Rates:
Per Annum, 50c. Six Months, 25c
Single Copy, 5 cts.

Entered as second class matter April 21, 1911, at the Post Office at Passaic, N. J.


# די נייע ביכער שוין ערשינען:

...ענדיגט זיינען ערשינען די נייע ביכער פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע פון א. ר. די 1920 ...יי־בער־יע. די אויסגאבע וועט זיך נישט דארפען שעמען פאר די פריהערדיגע אויסגאבען, ...יי אין איהר אינהאלט און סיי אין איהר אויסערליכען אויסזעהן.

## זיבען גרויסע ביכער

### אריטמעטיק.

(א באלשטענדיגע אפהאנדלונג אין טעאריע און פראקטיק) — — — פון העריץ בורגין
ארום 320 זייטען. פרייז $1.50

### זאאלאגיע

א גרייס אין רייך אילוסטרירט בוך — — — — — — — — פון דר. ב. האפמאן (צביון)
איבער 500 זייטען, פרייז $1.75

### כעמיע

(אילוסטרירט) ארום 300 זייטען — — — — — — — — — פון ס. פיינסטאן
פרייז $1.25

### פאליטישע עקאנאמיע

(דריטער באנד) פאלשטענדיג פארענדיגט — — — — — — — — פון א. ש. זאקס
ארום 300 זייטען. פרייז $1.25

### פיזיאלאגיע

(דריטער באנד) פארענדיגט. — — — — — — — — — — — — פון דר. י. מעריסאן
איבער 100 זייטען. אילוסטרירט. פרייז 50 סענט.

### פיזישע ערציהונג פון קינד

(פאר מיטערס און פאטערס) אילוסטרירט — — — — — — פון האנאה סאלוצקי
ארום 200 זייטען. פרייז 75 סענט.

### קאאפעראציע

(איהר געשיכטע און ענטוויקלונג) — — — — — — — — — — פון אהרן סטאלינסקי
ארום 200 זייטען. פרייז 75 סענט.

**פאר אלע צוזאמען — — — — — $7.00 (זיבען דאלאר)**

**פאר נישט מעמבערס פון א. ר. $15.00 (פופצעהן דאלאר)**

געדענקט! ביים ארייגשיקען אייער ארדער מוזט איהר אנגעבען אייער בר. נומער.

To the Postmaster :—Please give key number on all notifications pertaining to change of address

# דער פריינד

אפיציעלער ארגאן פון ארבייטער רינג

## פערלאָוויץ טויט.— עס לעבט פערלאָוויץ'עס ארבייט!

## אינהאלט:



# THE FRIEND

OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMEN'S CIRCLE

NOVEMBER-DECEMBER, 1919.

נאָוו.־דעצעמבער, 1919

# THE FRIEND

OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMEN'S CIRCLE

Published Monthly

ABRAHAM EPSTEIN, National Chairman
ISADORE COHEN, National Vice Chairman
M. J. ASPIS, Sec'y N. B. of Directors

J. BASKIN, General Secretary
P. GELIEBTER, Recording Secretary
H. E. JESHURIN, Acting Treasurer

I. B. BAILIN, Managing Editor

Office of Publication:
11 Martha Place, Passaic, N. J.
General Office:
175 E. Broadway, N. Y. City.



Subscription Rates:
Per Annum, 50c. Six Months, 25c.
Single Copy, 5cts.

Entered as second class matter April 21, 1911, at the Post Office at Passaic, N. J.



# THE FRIEND — דער פריינד

Vol. X. NOVEMBER-DECEMBER, 1919. No. 11-12.


# פון מאָנאַט צו מאָנאַט



מאַקס פערלאָוויץ

**אין צער אין טרויער**

די רויטע פאָהן פון אַרבייטער-רינג איז איינ־געטונקט אין צער. דער אַריינגאַנג אין גענע־ראַל אָפיס איז פאַרצויגען מיטברייטע שוואַרצע [...]יכער. איבער די פראָנט פענסטער פון עקזעקוטיוו־צימער [...]ינקט אַראָפּ אויפ׳ן גאַס אַ גרויסע טרויער-שילד. אַ שווערע [...]ריקענדע כמאַרע הענגט איבער אַלע דעפּאַרטמענטס.

— מאַקס פערלאָוויץ איז טויט!

דער טרעזשורער פון אַרבייטער־רינג און איינער פון די [...]געזעהענסטע מיטגלידער פון דער גענעראַל־עקזעקוטיווע איז [...]ין ניטאָ מעהר צווישען די לעבעדיגע!

ווי אַ בליץ האָט אַדורכגעצוקט די שרעקליכע בשורה צווי־[...]ען די ראַדיקאַלע אַרבייטער־קרייזען אין ניו יאָרק און אומ־[...]געגענד. און וואו זי האָט דערגרייכט האָט זי אויסגעלאָשען [...]אָס לעצטע ביסעל הייטערקייט, און וואו זי איז געקומען האָט [...] אַראָפּגעבויגען הונדערטע קעפּ אין טיעפען טרויער.

פון פאַרשיידענע ערטער זיינען אָנגעקומען דעלעגאַציעס [...]ן בלומען-קרענץ צו דער לויה. פיעל באַהויפּטען, אַז אַזאַ [...]יינדרוקספולע טויזענט־קעפּיגע לויה איז אין ניו יאָרק נישט [...]אָרגעקומען זינט יעקב גאָרדין׳ס טויט. כאָטש אַ דריבנער, [...]ערעסענדער רעגען האָט כסדר געקאַפּעט און גענעצט און אַ [...]יינפולער חושך איז געווען ווי אויפ׳ן האַרצען, האָט זיך דאָך [...]נצויגען אַ טרויער־פּראָצעסיע אויף בלאָקס און בלאָקס אין [...]עסס-געשלאָסענע ציילען. אַ גאַנצע רייהע ביטערע הספדים [...]ן היסטערישע אויסברוכען פון יאָמער און געוויין זיינען פאָר־[...]געקומען אין „פאָרווערטס״־בילדינג און אויפ׳ן בית-עולם.

פון אַלע עקען לאַנד קומען אָן צום „פריינד״ טרויער־רעזאָ־[...]ציאָנען און אויסדרוקען פון טיעפער סימפּאַטיע און טרייס־[...]ונגען צו דער פאַר׳יתומ׳טער פאַמיליע פון געשטאָרבענעם. מיר [...]ילען זיך אפילו נישט פּרואווען טרייסטען: צו גרויס איז דער [...]אָך, צו מורא׳דיג דער אומגליק, צו שאַרף דער האַרץ-צושניי־[...]ענדער וועהטאָג:

— נישטאָ מעהר מאַקס פערלאָוויץ!

**אַ דענקמאַל**

מיר מוזען שטעלען אונזער פערלאָוויץ׳ען אַ געהעריגען דענקמאַל. זאָל אַזאַ טייערע און ליעבליכע פערזענליכקייט פאַרקערפּערט ווערען אין עפּעס, וואָס האָט אויך אַ געוויסען מאַטעריעלען קיום. אָבער ביז דעמאָלט קענען מיר נאָך אין זיין עהרע שטעלען אַזעלכע מאָנומענטען, וואָס וועלען פאַרבלייבען אויף אייביג אין דער געשיכטע פון א. ר.

עס זיינען פאַראַן אין אַ רייהע שטעדט פיעל ראַדיקאַלע יעקאַטערינאָסלאַווער גרופּען, וואָס באַלאַנגען נאָך נישט צום אַרבייטער־רינג, אָבער דורך אַ ספּעציעלער אָנשטרענגונג וואָל־טען מיר זיי געקענט פאַרוואַנדלען אין א. ר. בראַנטשעס, וועלכע זאָלען טראָגען פערלאָוויץ׳עס נאָמען. מיר ווייסען ווי שטאָלץ עס איז געווען בר. 280 מיט דעם וואָס „מאַקס״ איז געווען אַ יעקאַטערינאָסלאַווער.

אונזערע בראַנטשעס קענען אָבער כמעט אַלע עפּעס טאָן פאַר אַזאַ מין סאָרט לעבעדיגע סטאַטוע. מיר הערען, אַז איי־ניגע בראַנטשעס האָבען זיך פאַרפּליכטעט אַריינצונעהמען ביז דער נואַרקער קאָנווענשאָן 50 נייע מיטגליעדער צום אָנדענקען פון פערלאָוויץ׳ן. ווען אַלע בראַנטשעס זאָלען זיך אַ נעהם טאָן און וועלען באמת מיט עפּעס גרויסער פאַראייביגען דעם נאָמען פון אונזער ליעבען חבר און פריינד, קענען כמעט אַלע אַזאַ מין סאָרט קוואָטאַ ערגרייכען.

* * *

דערווייל צייכענען זיך אויס אין דעם מיטגליעדערשאַפט־קאַמפּיין פאַר נייע צוואַנציג טויזענד די בראַנטשעס אין מאָנט־רעאַל און אין טאָראָנטאָ, ווי אויך איניגע בראַנטשעס אין ניו יאָרק, ברוקלין, נואַרק, שיקאַגאָ און פילאַדעלפיא. די גרויסע צאָהל בראַנטשעס אָבער האָבען זיך נאָך נישט אַריינגעוואָרפען אין דעם קעמפּיין. מ׳פּלאַנעוועט נאָך אַלץ, מ׳גרייט זיך. אָבער וויפיעל איז דער שיעור צו גרייטען זיך? די צייט שטעהט נישט. צו דער קאָנווענשאָן זיינען פאַרבליבען נאָר פיער מאָנאַטען און עס וועט אויסקומען שווער, זעהר שווער אין פאַרלויף פון דער קור־צער צייט צו אַרבייטען כדי צו מאַכען די געהעריגע קוואָטאַס.

* * *

**באַשטעהט אויף אייערע רעכט!**

די רעאַקציאָנערע כוואַליע, וואָס האָט זיך צוגאָסען איבער׳ן לאַנד, האָט שוין אַראָפּגעשווענקט אַלע צוימען און ראַגאַט־קעס. די ריטער פון דער נאַכט זיינען אַזוי אונפאַרשעהמט, אַז זיי האָבען אַראָפּגעצויגען זייערע מאַסקעס פון פּאַטריאָטיזם און לאָיאַליזם און הויבען אויף זייער פאַרראָסטע דעגען אויף יעדער באַוועגונג, וואָס איז געקומען אויף דער וועלט אָהן זייער הסכמה. מיט אַ חוצפּה, וואָס האָט נישט איהר גלייכען צווישען די טאַטען פון די יעצט שוין היסטאָרישע רוסישע סאַטראַפּען און דייטשע יונקערס טרעטען זיי אויף די קאָנסטיטוציאָנעלע גאַראַנטיעס פון די בירגער, רייסען זיך אַריין אויף מיטינגען, ברעכען אויף שלעסער, סידנעפּען, ממית׳ן, פאַרניכטען אייגענטום און פּרובען זיך איבערצושטייגען די פּאָגראָם־העלדען פון מזרח־אייראָפּאַ.

איינגע אַזעלכע אָנפאַלען זיינען שוין פאָרגעקומען אויף אויף א. ר. בראַנטשעס. אין אַנדערע ערטער האָט מען אונז געוואָרנט איבערצורייסען אונזער עדיוקיישאָנאַל טעטיגקייט.

מיר ערקלעהרען דעריבער אונזערע בראַנטשעס איבער׳ן גאַנצען לאַנד, אַז דער אַרבייטער־רינג וועט נעריכטליך פאַר־פאָלגען יעדען כוליגאַן און אָרדנונג־שטערער, וואָס וועט זיך פּרובען שטערען אונזערע בראַנטשעס אין זייער געזעצליכער אַר־בייט. מיר זיינען נישט קיין אונבאַהאָלפענע נעביכלאָך, וואָס מיר זאָלען זיך אַראָפּלאָזען אויף די קניע פאַר׳ן פּריץ און נעהמען טאַנצען לויט זיין פייפעל. אונזער אָרדען איז געזעצליך גע־טשאַרטערט כמעט אין אַלע שטאַטען, וואו מיר האָבען נאָר בראַנטשעס. אונזער ראַיעלער, געזונטער פינאַנציעלער צושטאַנד האָט געצויגען די אויפמערקזאַמקייט נישט פון איין קאָמישאָ־נער אָוו אינשורענס אונטער וועמעס אויפזיכט מיר געפינען זיך. אונזערע מיטינגען דאַרפען נישט האָבען קיינע פּערמיטס און יעדערער, וואָס וועט זיי שטערען, וועט פון אונז צוגעצויגען ווערען צו דער גערעכטיגקייט.

שרעקט זיך נישט אָפּ פאַר די פאַרשיידענע הויך-קלינגענדע נעמען פון די אַלע נאַכט־העלדען פון אַ פאַרשווינדענדער אָרד־

נונג! באשטעהט אויף אייערע רעכט און האלט זיך מיט ווירדע און שטאָלץ ווי עס פּאַסט פאַר מיטגלידער פון א. ר.

* * *

**איבער אלע ערוואַרטונגען**

אויב מיר האָבען נאָך צוליעב פאַרשיי־דענע אורזאכען נישט פיעל אויפגעטאָן אין אונזער קעמפּיין פאַר נייע צוואַנציג טויזענד מיטגליעדער, קענען מיר אָבער זיך גראַטולירען מיט די וואונ־דערבאַרע ארבייט פון אונזערע ברענטשעס פאַר אונזער אומ־גליקליכען פאָלק אין איירָאָפּאַ. עטליכע צעהנדליג ברענטשעס זיינען איינפאַך באוואונדערונגסווערט מיט זייער אונאויפהער־ליכען פייער, מיט זייער אָפּוואַרפען אלץ אָן א זייט און אויס־שליסליך ווידמען זיך אָט דער הייליגער ארבייט. פאַר א יאָהרען האָבען זיך נאָר באריהמט געמאַכט די עטליכע ווירדזשיניא ברענטשעס. היי־יאָהר אָבער ערקויבט אונז איינפאַך דער פּלאַץ יעצט נישט אויסצורעכענען די צעהנדליגע און צעהנדליגע ברענ־טשעס, וואָס האָבען זייערע פּעהנער באדעקט מיט רוהם און גלאַנץ.

אויב ארבייטער־רינג ברענטשעס, וואָס באשטעהען מעהר־סטענס פון מענשען מיט זעהר קליינע, אויב נישט גאָר אָהן, פּאַרמעגענס, קענען אויף קליינע מיטינגען פון עטליכע צעהנדליג מיטגלידער שאַפען הונדערטער דאָלארס מיט אזא רחבות און גרויססמוטיגקייט, אין דער צייט, ווען פיעל סטרייקס פלאַקערען נאָך אין די אידישע געטאָס, וואָס וואָלטען געקענט טאָן די בירגערליכע קלאַסען, אויב זיי וואָלטען נאָר באזעצען, פּראָפּאָר־ציאָנעל, די זעלבע מאָס אָפּפערווילינקייט און אמת'ע ליעבע צום פאָלק.

ווען מיר דערמאָנען זיך נאָך, אז די גרויסע באוועגונג, וואָס איז לעצטענס ענטשטאַנען צו אָרגאַניזירען די רעליעף־טעטיגקייט קוים די שטעדט און שטעדטלאך און שיקען אהין ספּעציעלע שלוחים חערט כמעט אומעטום אָנגעפיהרט און אינספּירירט פון אונזערע ברענטשעס קענען מיר ערשט קריגען א געהעריגען באַ־גריף, וואָס פאַרע אונגעהויערע כחות זיינען אויפגעוועקט גע־וואָרען פון דרעמלען מיט אונזער טעטיגקייט. נישט נאָר נועלען מיר אין גיכען האָבען דערגרייכט אונזער קוואָטא, נאָר, ווי עס ווייזט אויס, וועלען מיר ווייט־ווייט אריבערשטייגען אלע ער־וואַרטונגען.

די ברענטשעס געפינען זיך יעצט אין רעכטען מיטען פון דער ארבייט און מיר פאַרשטעהען זייער וואונש צו איבערראַשען דעם אָפּיס מיט א ריעזיגער סומע, וואָס זיי קלייבען זיך צו־צושיקען מיט אמאָל, ווען זיי וועלען האָבען קאָלעקטירט פון אלע די, וואָס האָבען זיך מתחיב געווען צו געבען זייער חלק. עס איז אָבער קוים ראַטזאַם צו האַנדלען אזוי. נישט נאָר איז א פּאַרברעכען צו האַלטען דערווייל געלט, וויפיעל עס זאָל נישט באַטרעפען, אין דער צייט, ווען אויף יענער זייט בושעווען פּאָ־גראָמען, מגפות, הונגער און קעלט און מ'קען ראַטעווען מענשען פון שרעקליכע ענויים, נאָר דעם עצם האַלטען כדי צו איבער־ראַשען שפּעטער מיט א גרויסער סומע שמעקט מיט עפּעס אזעלכעס, וואָס קען בשום אופן נישט פאַרבונדען ווערען מיט דעם סאָרט ארבייט.

דאָס געלט, וויפיעל איהר זאָלט נישט האָבען, **מוז גלייך** געשיקט ווערען אין גענעראַל־אָפּיס און עס וועט שוין סיי־ווי־סיי געזאָרגט ווערען דערפאַר, אז יעדער ברענטש זאָל צום אויס־לאָז פון קאַמפּיין קריגען דעם **פולען קרעדיט** פאַר אלע סומען וואָס ער האָט אריינגעשיקט צו ביסלעכווייז. די ארבייט איז א צו הייליגע און פאַראַנטוואָרטליכע, אז מ'זאָל מקריב זיין צוליעב שעהנע עפעקטען די מעגליכקייט צו לייסטען אונזער היקף שנעל — און אויף וויפיעל עס איז מעגליך — אין צייט.

* * *

**וועגען פריינד גופא.**

אויב מיר וואָלטען געווען פּאַטאַליסטען, וואָלטען מיר זאָגען, אז דאָס איז מעשי־שטן. גראַדע אין דער צייט, ווען מיר האָבען שוין אָנגעהויבען צו ברענגען אין אָרדנונג אונזערע אונגעהייערע אדרעסען־יסטע[ן] און אריינגעפיהרט אַרום פופצעהן טויזענט אדרעסען פון נייע מיטגלידער, דאַרף זיך מאַכען אז דער „פריינד" זאָל נישט קענען ערשיינען אין צייט. פריהער דער סטרייק פון די פּרעססמען אין די גרויסע פּרעס־הייזער, וואָס האָט געמאַכט פאַר אונז אונ־מעגליך אינגאַנצען ארויסצוגעבען דעם נאָוועמבער נומער און אפילו דער אָקטאָבער־נומער איז געלעגען געפּלעפּט אַרום זעקס וואָכען אין די אייזערנע אָרעמס פון דער פּרעס ביז ער האָט דערזעהן די ליכטיגע וועלט.

יעצט, אבער, איז צוגעקומען נאָך א גרעסערע צרה, — דער דוחק און אונערהערטער יקרות אויף פּאַפּיער. עס קומט יעצט אויס צו צאָהלען דריי מאָל אזויפיעל פאַר א פונט פּאַפּיער וויפיעל מיר האָבען געצאָהלט פ[אַ]ר דעם סעפּטעמבער־נומער, למשל. מיר האָבען געדולדיג און גוטמוטיג געקענט אריבער־טראָגען די העכערונגען אין שכירות פאַר דער אדמיניסטראַציע און עקספּעדיציע פון „פריינד", אזוי גוט ווי די העכערונגען פאַר'ן דרוקען, בינדען און „סטיטשען". אין פאַרשיידענע קרייזען האָט מען זאָגאַר אויסגעדריקט א פאַרוואונדערונג, ווי דער אָפּיס פון א. ר. באווייזט עס ארויסצוגעבען א זשורנאַל, א[זא] קיינע אדווערטייזמענטס, פאַר 32 סענט א יאָהר, אין דער צייט ווען אַנדערע זשורנאַלען, עהנליכע אין דער צאָהל פון זייטען און מאַטעריאַל, קאָסטען פיער און פינף מאָל אזוי פיעל. יעצט אָבער, צוליעב דעם אונערהערטען יקרות אויף פּאַפּיער, זיינען מיר געצוואונגען צו פאַרקלענערען דעם „פריינד" אָנשטאָט איהם צו פאַרגרעסערען, ווי מיר האָבען זיך פריהער פאָרגעשטעלט און נישט נאָר פאַרקלענערען אין דער צאָהל פון זייטען, נאָר מאָנאַטליכע רעגעלמעסיגע ערשיינונג פון אונזער זשורנאַל ווער געבראַכט אין סכנה צוליעב דער זעלבער סיבה. בשעת שורות ווערען געשריבען ווייסען מיר אפילו נישט, ווען מי[ר] וועלען שוין קריגען די זיבען טויזענד פונט פּאַפּיער, וואָס אין אונז נויטיג אפילו פאַר דעם קליינעם נומער פון 32 זייטען און מיר ווייסען נישט צי וועט ער נאָך ערשיינען אין דעצעמב[ער] אָדער דער נייער יאָהר וועט איהם נאָך באגעגענען אין „קאָ[מ]־סטאָרידזש".

עס איז פאַרדריסליך, דאָס גראָד, ווען מיר האָבען צוג[עזאָגט] קריגען אזעלכע נייע מיטאַרבייטער, ווי **מאָריס ווינ[טשעווסקי], אברהם ליעסין** און **ש. ניגע[ר]** וואָס האָבען צוגעזאָגט צו באטייליגען זיך אין „פריינד", זאָל מיר גראָד באשטראָפט ווערען מיט א דוחק אין פּלאַץ צוליע[ב] פּאַפּיער און דאָס נאָך גראַדע ווען מיר האָבען זיך געקליבען פייערען מיט פאַרגרעסערטע אויסגאַבען דריי גרויסע יוביל[ייען] אומס, דעם צעהן־יעהריגען יובילעאום פון „פריינד", דעם צוו[אַנציג]־יעהריגען יובילעאום פון א. ר. סאַניטאַריום און דעם צוואַנצ[יג]־יעהריגען יובילעאום פון אונזער אָרדען.

עס איז איינענטליך מעהר, ווי פאַרדריסליך — עס איז ... **וועהטאָג.**



# דער אייביגער איד

**ל. לעוויט.**

דו ביזט די אייביגקייט אליין!
ווי שטאָף, ווי קראַפט ביזט אומפאַרניכטבאַר;
ביזט שוואַך און קליין,
דאָך אומבאַזיעגבאַר.
פאַרכאַלגט, געטריבען אומעטום
אָהן א וואָרום,
זוכסט און געפינסט קיין רוה,
מען שלאָגט, מען פייניגט דיך; און דו?
דו שלינגסט א טרעהר,
ניט מעהר.
מען שימפט, באליידיגט דיך,
געהסט אריין אין זיך
און דאָרט, אין דיין פאַרבלוטיגטער נשמה,
געפינסט אי האָפנונג, אי נחמה,
און כחות שעפּסטו דאָרט
צום וואַנדערען פון אָרט צו אָרט

און ליידען, אייביג ליידען...
און ווערט דיין וועהטאָג שוין צו גרויס
דאַן רייסט זיך פון דיין ברוסט ארויס
א וועה־געשריי — —

און זיי,
די פייניגער, די שעכטער?
זיי גראָבען איין מיט א געלעכטער
די נעגעל שמוציגע אין דיינע וואונדען...
און ווי ביי בלוט־דורשטיגע חיות אָנגעצונדען
זיינען זייערע אויגען.
דאָך בלוט־דיין לייב רייסען זיי מיט וואוט
און דורשטיג זויגען
דיין בלוט,
אבער דיין גייסט איז אומפאַרניכטבאַר,
אומשטערבליך, אומבאַזיעגבאַר!

# אונזער פערלאַוויץ

(שטריכען פון א מיטקעמפפער, חבר און פריינד)
אב. עפשטיין.

פאר די צעהן יאהר, וואס מיר איז אויסגעקומען צו שטעהן מיט מאקס פערלאַוויץ אין דער ארבייט האב איך אין איהם געפונען גענוג כאראקטעריסטישע שטריכען, וואס זאל מאכען פאר מיר די גרויסע אבדה פיעל שווערער, ווי פאר די אנדערע הנגרערטער פריינד זיינע. אט דער פשוט'ער מענש האט געהאט אין זיך אזוי פיעל לעבען און פיעלפארביגקייט, אז עס וואלט געווען אונמעגליך אין די ראהמען פון א קורצען נעקראלאג עס ארויסצוברענגען. איך וועל זיך דעריבער דאס מאל באנוגענען נאר מיט איינעגע שטריכען.

דאס אויפפאלענדסטע אין פערלאַוויץ'ן איז געווען זיין גוט־מוטינקייט און הייטערע ליכטיגע שטימונג. האט איהר געמעגט פיהלען ווי נידערגעשלאגען און פארצווייפעלט, האט איהר גע־מעגט זיין אין דער גרעסטער פארלעגענהייט און ענטוישונג — ווי איהר האט זיך נאר אנגעטראפען מיט פערלאַוויץ'ן, און דאס ליכט פון זיינע אויגען האט זיך אויף אייך א גאס געטאן, זייט איהר שוין אן אנדער מענש געווארען.

דאס איז געווען די מילדקייט אליין — אין גאנצען א שטיק הארץ. און נישט דערפאר, וואס ער איז געווען פון די וואס מ'רופט צוקראכענע און ווייך־ביינערדיגע. פערלאַוויץ איז גע־ווען צו יעדער צייט א קעמפער און איז גרייט געווען צו פאר־טיידיגען זיינע פרינציפען מיט דעם בלוט פון זיין הארצען, אבער די ארט פון זיין קאמף, דער אופן ווי אזוי ער האט אטאקירט א געגנער איז געווען צו באוואונדערען. ער האט אימער אטא־קירט ווי א געבארענער ריטער, מיט זארגפעלטיגער איידעלקייט און היגרייסענדער ערנסט. אין דער צייט פון דער ביטערסטער מחלוקת אין א. ר. פון די „יונגע“ און „אלטע“ איז פערלאַוויץ געווען ענטשיידען אויף דער זייט פון די „אלטע“, אבער מיט וואס פאר א רעספעקט און מילדקייט ער איז עס באגעגענט גע־ווארען פון די זאגסט היציגע „יונגע“. עס האט זיך אבסאלוט נישט געפונען קיין איינער וואס זאל צו דעם מענשען האבען א שנאה. און ווירקליך, ווי האט מען עס געקענט פיינט האבען א מענשען, פון וועמעס פנים עס האט אראפגעשיינט אזוי פיעל ערנכט, ליעבע און הייטערקייט!

און אזוי איז ער געבליבען ביז זיין סאמע לעצטען אטעם־צוג: נאכמעהר, דער העסליכער טויט אליין האט איהם נישט געקענט פון דעם בארויבען. דער אזוי באקאנטער פערלאַוויץ־שמייכעל איז דאך נאך געבליבען פארגליווערט אויף דעם קאל־טען טויטען פנים...

אבער טראץ זיינע אריסטאקראטישע מאניערען און ווייכע, איידעלע ציגע, איז דאך פערלאַוויץ געווען און פארבליבען ביז זיין לעצטער מינוט א טיפישער פראלעטאריער־קינד, א מיה־אמער, שווער־פארהארעוועטער הארעפאשניק, וואס די שאפ איז ביי איהם געווען דער שמיד־פלאץ, וואו עס שמידט זיך אויס זיין וועלט. פיעל געלעגענהייטען האט פערלאַוויץ געהאט צו קריגען געזעלשאפטליכע באצאהלטע ארבייט, אז ער זאל נישט דארפען אזוי פיזיש שווער צו ארבייטען אין שאפ, אבער ער האט זיך קיינמאל מיט דעם נישט באנוצט. נאך מעהר, ער האט געקענט אוועקגעהן אין אן אנדער שאפ ארבייטען, וואו ער וואלט באדייטענד מעהר פארדינט, אבער דערפאר, וואס ער האט אויף דעם פלאץ געקענט געניסען א געוויסע מאס פרייהייט און אוועקגעהן ווען מ'דארף נאר אין די אינטערעסען פון דער באוועגונג, האט פערלאַוויץ בשום אופן נישט געוואלט פון דארט אוועקגעהן. וויפיעל איז עס ביי איהם ווערט געווען צו קענען פינקטליך ערשיינען צו אלע זיינע מיטינגען! און מיטינגען האט פערלאַוויץ געהאט י ע ד ע ן אווענט אין וואך. עס איז אך כמעט נישט געווען קיין איין ווינקעלע אין דער ארבייטער באוועגונג, וואו ער זאל דארט האבען געפעהלט. אין דער יוניאן, אין א. ר. ברענטש (און איין ברענטש איז נאך ביי איהם געווען ווענינ: אלס לאקאלער מיטגליעד האט ער באלאנגט צו נאך צוויי), אין דער א. ר. פארוואלטונג, אין דער ס. פ. און אין „פארווערטס“־אסס'ן און פארוואלטונג. נישט איין האלבען טאג האט פערלאַוויץ אראפגע'קומצ'ט פון זיין שאפ־ארבייט פאר די

אינטערעסען פון דער באוועגונג, אבער זיינע אווענטען זיינען כמעט אלע געווען געווידמעט צו זיין הייליגער ארבייט.

ווען מ'באטראכט נאך, אז פערלאַוויץ איז געווען א מאדעל פון א מאן צו זיין פרוי און פאטער צו זיינע צוויי קינדער, אז ער האט זיי געליעבט פון דעם טיעפען קוואל פון זיין שעהנעם הארצען און דאך איז ער געווען זעלטען אן אווענט צוזאמען מיט זיי, פארשטעהט מען ערשט וואס פאר א סארט פאמיליען־ליעבע פון העכערען, ברייטערען סארט ער האט עס קולטיווירט אין זיין הויז. עס איז נישט קיין וואונדער דעריבער, וואס זיין עלטערע מיידעל זייענדיג 12—13 יאהר האט שוין געקעהרט וועלטען אין קאמפיין־צייט, ארומגעלאפען מיט באטאנס און ליפ־לעטס און צוזאווארעמט איהר יונג עמפינדליך הארץ מיט דעם סאציאליסטישען קעמפיין. אנדערש האט נישט געקענט האנד־לען פערלאַוויץ'עס א קינד. אנדערש האט זיך נישט געקענט באציהען צו איהם זיין הויס־ליעבענדע פרוי, ווען זי האט גע־זעהן, אז די באוועגונג איז א טייל פון זיין לעבען, א שטיק פון זיין נשמה און זי האט גערולדיג אלץ פאר ליעב גענומען.

זיין הויפט־ארבייט איז געווען אין דער „פארווערטס“ אסס'ן, וואו ער איז געווען א צייט סעקרעטער, און אין ארבייטער רינג. פאר די לעצטע צוויי יאהר איז ער געווען דער טרעזשורער פון דעם ריעזיגען פארמעגען פון א. ר. ער, וואס האט געהארעפעט און שטארבענדיג איבערגעלאזט א פאמיליע אהן קיינע מיטלען, איז עס געווען דער טרעזשורער פון א מיליאנען־סומע. קיין זיכערע העגט האט מען נישט געדארפט האבען. קיין עהרליכע־רע הארץ און געוויסען האט מען נישט געדארפט זוכען. פאר איהם איז דער ארבייטער־רינג געווען זיין נ ש מ ה.

אבער דער מערקווירדיגער פערלאַוויץ האט אויסער א רויי־נער און ליכטיגער נשמה נאך געהאט ביי זיך א נ ש מ ת י ת י ר ה, אן איבער נשמה — און דאס איז געווען דער סאני־טאריום פון א. ר. וועמען ער האט געדינט מיט לייב און זעעל פאר די לעצטע צוויי יאהר אלס טעטיגער מיטגליעד אין דער סאניטאריום קאמיטע. וואס פאר א קרבנות איז ער עס נישט באריט געווען צו ברענגען פאר זיין ליעבלינג, דעם סאני־טאריום!

א, וואס פאר א בליסטשענדע טרערען עס זיינען עס גע־שטאנען אין זיינע שטענדיגע גליקליכע אויגען אין דער צייט פון דעם טומעל אין סאניטאריום! מ'האט געקענט ממש זעהן ווי דעם מענשענ'ס הארץ קלאפט צום טאקט פון אלע דארטיגע געשעהענישען.

און ווען עס איז דארט פארגעקומען דער אומגליקליכער, אונזיניגער סטרייק און צעהנדליגע קראנקע און הילפלאזע מענ־שען זיינען איבערגעלאזט געווארען צום שפיעל פון שיקזאל איז פערלאַוויץ געווען אן דער שפיץ פון די מיטגלידער פון דער עקז. קאמ. וואס זיינען אוועקגעפאהרען קיין ל י ב ע ר ט י און האבען באדיענט און געשפייזט די פאציענטען. דארט האט דער זעלבער פערלאַוויץ געמאכט דעם אויווען, געוואשען די פלארס, די געשיר, געריינינגט די שטאלען פון די פערד. ער האט פיינט געהאט ארויסצודרעהען זיך פון דער „שווארצער“ ארבייט און ארויפלאדען עס אויף אן אנדערענ'ס פלייצעס. ער האט שטענדיג די שווערסטע ארבייטען גענומען אויף זיך.

ווען איך בין נישט לאנג צוריק געקומען פון דער דעט־ראיטער קאנפערענץ, וואס האט פארהאנדעלט די סאניטאריום־פראגע און איך האב איהם געטראפען שוין אויפ'ן טויטען־בעט — מיט וואס פאר א גליקליכען שמייכעל ער האט עס אויסגעהערט דעם גינסטיגען רעזולטאט פון דער קאנפערענץ, ווי טיעף ער איז עס געווען פאראינטערעסירט ביז זיין לעצטען אטעם־צוג אין דער סאניטאריום־אינסטיטוציע!

ניין, נישט נאר דעם טרעזשורער פון א. ר. האבען מיר אין איהם פארלארען, נאר א גרויסען חלק פון אונזער גייסטיגער טרעזשורי. מיר וועלען פאר לאנגע יאהרען אריינראהמען זיין הייליג בילד אין אונזערע הערצער.

* * *

דער יעקאטערינאסלאווער יוגענד־ברענטש, 280 א. ר. האט געקראָ־גן מיט דעם טויט פון מאקס פערלאַוויץ דעם שטארקסטען קלאפ. ...י וועלען א לאנגע, לאנגע צייט קוקען אויף דעם לעדיג־געווארענעם ...אין פון זייער ליבסטען פריינד און פיהרער, מיט פארוואונדעטע ...רצער.

* * *

פרובט פארזוכט דעם טעם פון אריינגעמען, דורך אייער אייגענער אגיטאציע, א פאסענדען מעמבער אין א. ר. איהר וועט זיך שוין שפעטער קיינמאל נישט קענען אנטזאגען פון אזא פארגעניגען, ווען איהר וועט נאר האבען דערצו א געלעגענהייט.

# דאָס אידישע לעבען אין 1919

א. ליטווין

אויב דער נאָר וואָס פארגאנגענער יאָהר קען זיך מיט עפּיס אויסצייכענען און לאָזען אַ באַזונדער שפּור אין דער געשיכטע פון אידישע ליידען, איז דאס מיט די פּאגראמען און שחיטות אין פּוילען און אוקראינא. פּאגראמען און שחיטות, אַנטקעגען וועלכע די רוסישע פּאָגראָמען פון אונזער צייט און די הריגות און שחיטות פון כמעלניצקי׳ס צייטען זיינען אַ קינדער־שפּיעל.

דאָס זיינען די נאָכוועהעניסען, וואָס די וועלט-מלחמה האָט אונז געלאָזען אַ ירושה. ווי גרוים די שרעקען פון דעם וועלט־קריעג זיינען ניט געווען פאר אלע פעלקער פון די מלחמה־לענדער, זיינען זיי דאָך אלע ארוים פון דער מלחמה,—תרוב׳ע, צו־שלאָגענע, ווי זיי זיינען ניט געווען,—מיט נייע האפנונגען פון א נייעם פרייען לעבען. אין אַ גאַנצע רייהע קליינע לענדער, וואָס האָבען צום מעהרסטען געליטען פון דער מלהמה, זיינען שוין די האָפנונגען מקוים געוואָרען. דאָ — צום טייל, דאָרט — איננאנצען. און די נאָר וואָס איבערגעלעבטע שווערע וואונדען ווערען ביסלעכווייז געהיילט און פארגעסען אין די מונטערע שטרעבונגען אויפצובויען אַ נייעם לעבען.

דאָס אידישע פאָלק אליין איז נאָר געבליבען מיט די וואונדען, און עס מערקען זיך ניט קיין שום אויסזיכטען, אַז די איבערגעלעבטע יסורים זאָלען קאָנען געהיילט ווערען; אַז אויך אין אונזערע פענסטער זאָל אריינשיינען די זון פון אַ נייעם לעבען.

ווי גרוים עס זיינען געווען די וועהטאָגען פאר אונז פון דער מלחמה גופא זיינען זיי דאָך גאָרנישט אנטקעגען די נאָכוועהעניסען פון די פּאָגראָמען און שחיטות — די איינציגע מתנה, וואָס די מלחמה פאר דער „באפרייאונג" פון קליינע און שוואכע פעלקער האָט אונז געבראכט...

ביים ענדע פון אָט דעם יאָהר איז נאָך ניט נעקומען די צייט אונטערצופירען די אונטערשטע שורה פון די שוידערליכע שחיטות אין אוקראינא. אין פּוילען איז געווארען אביסעל שטילער. אָבער טרייסטען קאָנען מיר זיך ניט. די אָפענע האָמעטנע רציחות געהען איבער אין אַ כראָנישען, שטילען עקאָנאָמישען פּאָגראָם, וואָס האָט דעמזעלבען צוועק: צו מאכען דעם לעבען פון אונזערע ברידער אונערטרעגליך; צו צווינגען זיי אויסוואנדערען.

זאָלץ אויף די וואונדען זיינען אונז געווען די שליחות פון די „גוטע" מלאכים, וואָס זיינען געשיקט געוואָרען אויסצופאָרשען די פּאָגראָמען און רציחות אין פוילען און אוקראינא; די רעפּאָרטען, וואָס זיי, די יאהודים-שררות, האָבען געבראכט וועגען זייערע ברידער אין מזרח־איירָאפּא. די איינציגע טרייסט, וואָס מיר האָבען פון אונזערע גוטע שררות, איז, אַז ניט מיר האָבען זיי געשיקט און ניט מיר וועלען זיך רעכענען מיט זייערע באריכטען. אונזער בעכער איז געגוג פול מיט גיפט און גאל און נאָך עטליכע ביטערע טראָפּען צוגעגאָסען פון דער האַנט פון אונזערע איינענע „גוטע פריינד" האָבען פאר אונז קיין באַדייטונג ניט. די געשיכטע טראָגט אַ נייע, אַ שטורמדיגע כוואַליע, וואָס וועט אָראָפּשווענקען, ווי דער מבול פון חומש, די גאַנצע אלטע וועלט פון שקר און שימעל. און מיט זיי וועט אויך פארשווינדען דער שפּור פון אונזערע „בעלי טובות", שתדלנים און פארזארגער. די געשיכטע, וואס ווייס ניט פון קיין חניפה און דיפּלאָמאטישע חשבונות וועט מאכען איהר שטרענגע, אומפּארטייאישע אונטערזוכונג און וועט ארויסגעבען איהר משפּט. און פון ד ע ם משפּט וועט מעהר געווינען אונזער רעכט און אונזער יושר.

---

די ידיעות וואָס קומען פון ליטא און די באַלטישע פּראָווינצען, זיינען ניט אַזוי טרויעריג, ווי די וואָס מיר האָבען פאר׳ן לעצטען יאָהר געהאַט פון פוילען און אוקראינע. די דאָזיגע לענדער האָבען נאָך ניט באקומען זייער פרייהייט אינגאַנצען; זייער זעלבסטשטענדיגקייט ווערט ערשט געבויט און איז פון די עלאָים נאָך ניט אָנערקענט. דער בירגער־קריעג איז אָבער דאָ א סך שוואכער ווי אין אוקראינע, און די אידען האָבען דעריבער דאָ ווייניגער צו ליידען. אַ חוץ דעם, צוליעב אַ גאַנצע רייהע פּאָליטישע, נאַציאָנאַלע און עקאָנאָמישע סבות, מוז מען זיך דאָ מיט דעם אידען מעהר רעכענען. אָבער צוליעב דער אומבאַשטימטקייט פון דער אלגעמיינער לאַגע איז אויך די אידישע לאַגע דאָ אַ נעבעלדיגע. בכלל האָבען די אידען פון דער נייער ליטא און פון די באַלטישע פּראָווינצען פאר דעם פארגאנגענעם יאָהר ווייניג פון זיך געלאָזט הערען, און דאָס איז שוין אויך פאר אונז אַ שטיקעל טרייסט. אין דעם איצטיגען שרעקליכען מאָמענט איז שוין אַ נחת, אַז מ׳האָט ווייניגער צרות.

נאָך ווייניגער, ווי פון די באַלטישע פּראָווינצען און ליטאַ, האָבען מיר פאר׳ן פארגאנגענעם יאָהר געהאַט ידיעות וועגען אונזערע ברידער, וואָס געפינען זיך אין סאָוועטען רוסלאנד. אַז איהר ווילט, איז דאָס אויך אַ גוטער סימן. אין שטיל ערגעץ אין אַ ווינקעל פון דער אידישער וועלט, קאָנען מיר זיין זיכער, אַז דאָרטען איז ניטאָ קיין פּאָגראָמען, קיין גזרות, קיין צרות. און דאָס איז אַ גרויסע געווינס ביי היינטיגע צייטען. אין דער לאַנד פון די באָלשעוויקעס איז ניטאָ קיין אינערליכער בירגער־קריעג. אין די גרענעצען פון סאָוועטען-רוסלאנד איז שטיל און רוהיג. די סאָוועטען רעגירען מיט אַ פעסטער האַנט. דערפאר איז דאָרט זיכער דער אידישער לעבען, דאָס אידישע האָב און גוטס. ביין סאמע ענדע פון׳ם יאָהר האָבען מיר נע־האַט אַ קייבל־פארזיכערונג, אַז יעדע אנטיסעמיטישע העצע, יעדע אויפרייצונג צו פּאָגראָמען ווערט דאָרט אונטערגעדריקט באַלד אויפ׳ן אָרט אויפ׳ן שטרענגסטען אופן. פאר די אידישע ארבייטער מאסען וואָלט געווען אין רוסלאנד אַ גן-עדן, ווען ניט די צרות פון דער מלחמה, וואָס די סאָוועטען־רוסלאנד האָט צו פיהרען אויף צוועלף פראָנטען; די מלחמה, אין וועלכער די אידישע יוגענד מוז, נאַטירליך, נעמען אַ שטאַרקען אנטייל און זי מוז צאָהלען די גרעסטע קרבנות פאר רוסלאנד׳ס פרייהייט. דאָס יאָהר ענדיגט זיך גוט פאר רוסלאנד. די סאָוועטען־ארמיי זיעגט אויף אלע פראָנטען. די באַלטישע שטאַאטען און ליטאַ זיינען געצוואונגען צו מאַכען שלום מיט רוסלאנד. דער פּרעס־טיזש פון דער רוסישער סאָוועטען-רעפּובליק ווערט דערפון אוין גרעסער אין איירָאפּא און אמעריקא. מאַכט וועקט צו זין רעספּעקט, אפילו ביי די געגנער און פיינד. דאָס ענדע יאָה שטאַרקט אין אונז די האָפנונג, אַז דער נייער יאָהר 1920 וועג זיך אָנהויבען אונטער דעם צייכען פון שלום צווישען סאָוועטען רוסלאנד און איהרע פיינד פון דרויסען.

וויכטיגער אָבער נאָך איז דער פאקט, וואָס איז אונז אוין באקאנט געוואָרען ביים סאמע ענדע יאהר וועגען דעם שלום וואָס איז געשלאָסען געוואָרען צווישען די באָלשעוויקעס או זייערע א י נ ע ר ל י כ ע געגנער — אַנדערע סאָציאַליסטי־שע פארטייען אין רוסלאנד. דערין ליגט די נויטיגע גאַראַנטיי פאר דעם ענדליכען זיעג פון דער סאָציאלער רעוואָלוציע אי רוסלאנד, פאר אַן אמת׳ן שלום און פאר דער אמת׳ער באַפריי אונג פון די קליינע שוואכע נאַציאָנען, צווישען זיי אויך — אונזער נאַציאָן. דאָס פארשטעהען גאַנץ גוט די אמת׳ע רעמאָ קראטישע טיילען פון דעם אידישען פאָלק: דער „בונד" או די „פּועלי ציון". דער ערשטער ווערט אלץ מעהר און מעה געגייגט צו שלום מיט דעם איצטיגען סאָוועטען־רעזשים און ד לעצטע זיינען גלייך פון אָנהויב געוואָרען פייערדיגע אָנהענגע פון די סאָוועטען.

אָבער אויב די רעוואָלוציאָנערע אידישע פארטייען זינע מיט לייב און לעבען פאראינטערעסירט אין דעם ערפאָלג או זיעג פון דער סאָוועטען-אָרדנונג אין רוסלאנד, קען מען דאָס זעלבע ניט זאָגען וועגען דער אידישער בורזשואזיע און דע אידישען קליינבירגערליכען קלאַס. פאר די באַלעבאַטישע אי דען, און אפילו פאר די ברייטע אומבאוואוסטזיניגע אידיש מאַסען איז די באָלשעוויסטישע סאָציאלע רעוואָלוציע צו שאר זי איז אין קאָנטראסט מיט זייער גאנצער פּסיכאלאגיע, כאָטש איז אין פאָלקאָמענער האַרמאָניע מיט די העכערע אידעאַל פון דעם אלטען ריינעם יודענטום, וואָס איז געווען אַ מין באַ שעוויזם אין דער, אויף שקלאַפעריי געבויטער, קולטור פון דע אלטער וועלט.

אונטער׳חנפענענדיג זיך זייערע שררות, די דיפּלאָמאַטע די וועלט־איינשלינגער און זייערע משרתים; ציטערענדיג פּא זייערע אייגענע קאַריערעס און קאַפּיטאלען און קאָמפּאַ טאַבעלען רוהיגען לעבען, וואָס איז דירעקט און אינדירעקט גע בויט אויף עקספּלואַטאַציע פון די מאַסען, סטאַרען זיך די א דישע קאַפּיטאַליסטישע קלאַסען און זייערע נאָכשלעפּערס פון מיטעלע און אונטערשטע קלאַסען ארויסצואווייזען פאר דע וועלט זייער פיינדשאַפט און האַס צו דעם באָלשעוויזם און דע סאָוועטען־רעזשים אין רוסלאנד. זיי וועלען אָבער זיך נ קענען העלפען. פאר דעם אידישען פאָלק אין רוסלאנד א מעהר ניטאָ, ווי איינער פון די צוויי וועגען: אָדער נעהן מי קאָלטשאַק, דעניקין און פּעטלורא, און דאָס הייסט: פּאָגר מען, שחיטות און שענדונגען; אָדער געהן מיט די סאָוועטע און דאָס הייסט טיילען די געפאַרען פון דער רעוואָלוציע, אָבע באַקומען איין מאָל פאר אלע מאָל פולע מענשליכע רעכט; מ כען איין מאָל פאר אלע מאָל אַ סוף צו פּאָגראמען, שענדונג און שחיטות.

דר. אסתר לוריע

# די פרויען־באַוועגונג אין יאָהר 1919

די פרויען־באַוועגונג איז א טייל פון דער אלגעמיינער באַוועגונג. די אַלגעמיינע באַדינגונגען אין א לאַנד בכלל און אין דער ארבייטער־וועלט. בפרט באַאיינפלוסען די פרויען־באַוועגונג.

דאָס יאָהר 1919 איז געוועזן א שטורמישער אין אלע הינזיכטען. די הערשענדע קלאַסען זיינען אונרוהיג, דער פּראָלעטאַריאַט איז ענטשלאָסען. דאָס אינדוסטריעלע לעבען איז אין פיעלע לענדער חרוב געוואָרען צוליעב דער וועלט־מלחמה. זעלבסט־פאַרשטענדליך, האָבען די אלע באַדינגונגען געווירקט אויף דער פרויען־באַוועגונג, און פון דעסטוועגען זיינען דעם יאָהר ניט אויפגעשוואומען קיין שפּאָגעל נייע פּראָבלעמען, ווי דאָס איז געוועזן דער פאַל פאַר־אַ־יאָהרען. פּאַסירט האָט דאָס צוליעב דעם וואָס אין דער צייט פון דער וועלט־מלחמה האָט די אינדוסטריע ברייט געעפענט די טירען פאַר דער פרוי. צוליעב דעם זיינען אויפגעשפרונגען גאַנץ נייע פּראָבלעמען, ווי די יעניגע פון גלייכע וויידזשעס פאַר פרויען און מענער.

די ארבייטער באַוועגונג פון דער פרוי איז א טייל פון דער אלגעמיינער ארבייטער באַוועגונג. דאָס האָבען איינגעזעהן דאָס לעצטע יאָהר איינינע פון די פּראָמינענטע פרויען־רעכטלערינס אין ענגלאַנד. די פרויען־רעכטלערינס האָבען אלע מאָל ארויסגעשטעלט פאָדערונגען פאַר די ארבייטערינס, ווי מינימום וויידזשעס פאַר דער פרוי, פאַרבאָט פון נאַכט־ארבייט פאַר איהר. דאָס לעצטע יאָהר אָבער האָבען איינינע פון די פרויען־רעכטלערינס ארויסגעזעהן, אז די וויידזשעס פון דער ארבייטערין הענגען זיך אין צוזאמענהאנג מיט דער אינדוסטריעלער לאַגע פון לאַנד און מיט דער ארבייטער־באַוועגונג. זיי האָבען דאָס ענדליך איינגעזעהן צוליעב דער ראָלע, וואָס די פרוי האָט אנגעשטעלט אין דער אינדוסטריעלער וועלט. זיי האָבען אויך צוליעב דער ראזינער ראָלע איינגעזעהן, אז דער [illegible] פון נאַכט־ארבייט איז פאַר דער פרוי ניט אלע מאָל ראטזאם און דערפאַר אויך ניט ווינשענסווערט. אויף די אייזענבאַהנען, אין די רעסטאָראַנטס און ביי עהנליכע באַשעפטיגונגען קומט יעדער פרוי אויס לייכטער צו ארבייטען ביינאַכט, איידער ביי טאָג. [illegible] דעם, ווען די פרוי ארבייט ביי נאַכט, קען זי אויספיהרען מעהר צייט צו זיין מיט איהרע קינדער.

אין אלגעמיין איז אבער די ספּעציעלע פרויען ארבייטער־פראַגע נאָך אלץ פּאָפּולער, הויפּטזעכליך אין ענגלאַנד און אין אַמעריקא, אין די לענדער, וואו די סאַפרעדזש באַוועגונג עקזיסטירט צעהנדליגע יאָהרען, און ווי זי האָט כלומרשט געקעמפט פאַר אלע פרויען־רעכטע. די פּאָפּולאַריטעט און די שטאַרקייט פון דער סאַפרעדזש באַוועגונג אין די דערמאָנטע לענדער האָבען איינענטליך געבראַכט דערצו, אז די ארבייטער באַוועגונג זאָל זיין ביז א געוויסע [illegible] פון שעדליכען גייסט, וואָס זאָל פיהרען צו דער עקזיסטענץ פון ספּעציעלער ארבייטערין־פראַגע מיט א באַזונדערען אַפּאַראַט. דיזער קוק האָט דאָס געפיהרט צו דעם אינטערנאַציאָנאַלען פרויען ארבייטער־קאָנגרעס, וועלכער האָט שטאַטגעפונען אין נאָוועמבער פון דיזען יאָהר, אין וואַשינגטאָן. דער קאָנגרעס איז דער ערשטער אויף דיזען געביעט. עס קען אויסקוקען [illegible], אז אַזאַ קאָנגרעס זאָל אָפּגעהאַלטען ווערען אין א צייט, ווען די ארבייטער־פראַגע ווערט אלץ נעהנטער און ערנסטער, [illegible] אז זי אליין וועט זיין אימשטאַנד צו באַפרייען די פרוי פון איהרע קייטען. ווען אַזאַ קאָנגרעס איז אָבער יאָ אָפּגעהאַלטען געוואָרען איצט, פּאַסירט דאָס צוליעב די נייע פּראָבלעמען, וואָס זיינען אויסגעוואַקסען אין דער פרויען ארבייטער וועלט פאַר דער לעצטער צייט און צוליעב די אַלטע טראַדיציעס, וואָס צוטיילען די ארבייטער אויף געשלעכטער. אינטערעסאַנט איז, [illegible] אין מאי האָט קלאַראַ צעטקין די [illegible] פאַרטאַקערין ארויסגעלאָזען צו די ארבייטער־פרויען פון אלע לענדער אַן אויפרוף, איינלאַדענדיג זיי צו דעם געפּלאַנטען אין יענער צייט אינטערנאַציאָנאַלען פרויען ארבייטער־קאָנגרעס. באַטייטענדיג צווישען די פרויען אין די דייטשע געווערקשאַפטען, איז קלאַראַ צעטקין, ווי עס ווייזט אויס, געוואָרען אַנגעשטעקט מיט'ן גייסט פון א ספּעציעלער פרויען ארבייטער־באַוועגונג. דאָס איז אָבער ניט דער פאַל מיט אלעקסאַנדרא קאָנטאַי, דעם קאָמיסאַר פון דער סאָוועטען־רוסלאַנד, וועלכע האָט צעהנדליגער יאָהרען געאַרבייט צווישען פרויען אין דער ארבייטער באַוועגונג.

די רעזאָלוציאָנען פונ'ם אינטערנאַציאָנאַלען פרויען־קאָנגרעס זיינען, ווי אלע רעזאָלוציאָנען פון אלע קאָנגרעסען, זעהר וויכטיג. איהר געפינט אָבער אין זיי ניט קיין פאָדערונגען וועלכע ווערען ניט ארויסגעשטעלט אויף די אלגעמיינע ארבייטער קאָנגרעסען. און צוליעב די דאָזיגע רעזאָלוציאָנען האָט מען געוויס ניט געדאַרפט צונויפרופען קיין ספּעציעלען אינטערנאַציאָנאַלען פרויען קאָנגרעס.

דער יקרות וואַקסט. פאַרהעלטניסמעסיג צו איהם, אדער כלומרשט פאַרהעלטניסמעסיג וואַקסען די וויידזשעס פון די ארבייטער. דאָס פּאַסירט אָבער אין די טריידס, וואו דער ארבייטער איז אָרגאַניזירט, וואו ער האָט א שטאַרקע יוניאָן. אין די ניט אָרגאַניזירטע טריידס פאַרדיענט נאָך די ארבייטערין אונגעהערט ווענינ. אָט זיינען ציפערען פון באַריכט פון דער ניו יאָרקער סטייט אינדוסטריע קאָמיסיאָן פאַר ארבייטערינען. דער באַריכט איז פאַר 8191טען יאָהר און איז ארויסגעגעבען געוואָרען אין אָנהויב פון דיזען יאָהר. דאָס איז א באַריכט פון 32,881 ארבייטערינען, וועלכע זיינען פאַרנומען אין 471 פאַבריקען פון סיגאַר, קענדי, שאַכטעל אינדוסטריע און אין סטאָרס. אָט אין די סטאָרס, צום ביישפּיעל, פאַרדינען די פרויען:

| | |
|---|---|
| 3 פּראָצענט | ווייניגער פון 6 דאָל. |
| 2 פּראָצענט | ווייניגער פון 8 דאָל. |
| 29 פּראָצענט | ווייניגער פון 10 דאָל. |
| 05 פּראָצענט | ווייניגער פון 12 דאָל. |
| 08 פּראָצענט | ווייניגער פון 14 דאָל. |
| 32 פּראָצענט | מעהר פון 14 דאָל. |
| 8 פּראָצענט | מעהר פון 20 דאָל. |

אזעלכע סקאַנדעדיגע וויידזשעס ווערען געצאָהלט אין א צייט ווען דער יקרות איז אַזוי גרויס, און ווען אין איינינע סטייטס עקזיסטירט א געזעץ, וועלכער באַשטימט 16.50 אלס מינימום וויידזשעס פאַר דער ארבייטערין. פון באַריכט איז אויך צו זעהן, אז אין ניו יאָרק קריגען די פרויען אין די דערמאָנטע אינדוסטריען מעהר באַצאָהלט, ווי אין די פּראָווינציעלע שטעדט.

אין דער לעצטער צייט איז אין ניו יאָרק אָפּגעהאַלטען געוואָרען דער אינטערנאַציאָנאַלער פרויען־קאָנגרעס פון מעדיצינער. זיין כאַראַקטער איז אונגעפעהר דערזעלבער, וואָס דער פרויען ארבייטער־קאָנגרעס אין וואַשינגטאָן. געוויס האָט א קאָנגרעס ביי היינטיגען טאָג ניט געקענט ניט אָנריהרען די ארבייטער־פראַגע, נאָך בפרט א פרויען־קאָנגרעס. איך וועל זיך בקיצור אָפּשטעלען אויף איין וויכטיגער רעזאָלוציאָן. די קאָנפערענץ רעקאָמענדירט, אַז אין דעם קאָנווענאַנט פון דער פעלקער־ליגע זאָל ארייינגעשטעלט ווערען א פּונקט וועגען עטאַבלירען א ביוראָ פאַר אינדוסטריעלער היגיענע, וואָס זאָל אין יעדען לאַנד פאַרוואַלטעט ווערען לויט אויסגעארבייטע פאָרשריפטען, רעגעלען פונ'ם קאָנווענאַנט.

א טומעל אין דער בורזשואַזער פּרעסע האָט אויפגעהויבען די פראַגע וועגען קינדער־ערציהונג. דער קאָנגרעס האָט רעקאָמענדירט, אַז ניט די מאַמעס זאָלען ערציהען זייערע קינדער, נאָר פרויען־מעדיצינער אָדער ספּעציאַליסטען־פּעדאַגאָגען. די דאָזינע „קהל'שע" מאַמעס וועלען בעסער ערציהען די קינדער, וועלען זיין אימשטאַנד איינצופלאַנצען אין זיי ליעבע צו דער מענשהייט, ניט צו דער פאַמיליע. איך שטעל זיך אויף דעם אָפּ הויפּטזעכליך צוליעב דעם וואָס די ארבייטער־פּרעסע האָט זיך ארויסגעזאָגט פאַר דעם. איך בין אלע מאָל געווען א געגנער פון אַזאַ פּלאַן. די זאַך איז די, וואָס דעם פּלאַץ פון א מאַמען קען קיינער ניט פאַרנעהמען. זאָל זיין, אז די מאַמע פאַרשטעהט ניט אָפּט, ווי צו ערציהען איהר קינד, אָבער זי פאַרמאָגט דאָס, וואָס קיין איין לעהרער־ספּעציאַליסט קען ניט באַזיצען. זי טראָגט אין זיך די שעהנע, גרויסע ליעבע, און אָט דיעזע ליעבע איז אימשטאַנד צו ערוועקען געפיהלען, וועלכע די בעסטע פּעדאַגאָגען קענען ניט איינפלאַנצען. דיעזע ליעבע, האַנד אין האַנד מיט א רעגיערונגס־אַפּאַראַט פאַר קינדער־ערציהונג, קען פיעל אויפטאָן, אָבער דאָס קינד טאָר ניט אָפּגעריסען ווערען פון דער מאַמען. אַזוי קוקען אויך פּראָמינענטע סאָציאַליסטען אויף דעם.

דיעזען געדאַנק דריקט אויס אויך קאָלאָנטאַי אין איהר בוך „די מוטערשאַפט און די געזעלשאַפט". זי מיינט, אַז ערשט אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט וועט די מוטער קענען ארויסווייזען צום קינד די פולע ליעבע, ניט זייענדיג פון איהר אָפּגעריסען ווי דאָס איז איצט דער פאַל. אין דער סאָוועטען־רוסלאַנד האָט קאָלאָנטאַי, אלס קאָמיסאַר פאַר געזעלשאַפטליכע אַנגעלעגענהייטען, דורכגעפיהרט טיילווייז איהרע פּרינציפּען. זי בויט ניט קיין הייזער פאַר יתומים, נאָר האַלט זיי אין פּריוואַטע הייזער אין די דערפער, מיינענדיג, אַז אין א פאַמיליע קריגט דאָס קינד די פּאַסענדסטע ערציהונג.

איבערהויפּט איז פיעל אויפגעטאָן געוואָרען אין דיעזען

**י. ב. ביילין:**

# אַפּשיידס־געדאנקען

(א נישט פארענדיגטע רעדע אויפ'ן פרישען קבר פון מאקס פערלאָוויץ.)

(עלעגיע.)

. . . און אזוי פארלאזט דו אונז, טייערער חבר, אין אזא גראָהען, קאלטען, מיזעראבעלען נעבעל, וואו די וויסטע ערד ארום איז אויסגעווייקט אין טרערען, און אפילו די הארטע שטיינער זיינען מיט פייכטקייט באצויגען... עס איז שווער צו זאגען, ווען איז ערגער אין דער מינוט, דיר, וואס מ'לעגט יעצט אויף אייביג אריין אין דעם שטילען קבר, אדער א ו נ ז, וואס דארפען ווייטער ארומגעהן צווישען די לעבעדיגע־טויטע, אדער צווישען די טויטע־לעבעדיגע, ווייטער ארומגעהן מיט פיבערהאפטע הערצער, מיט פאר'סמ'טע נשמות, מיט געבייל־טע פויסטען און מיט נעקריצטע צייהנער...

אבער, ווען מיר גיבען זיך א דערמאָן, אז דער רויכיגער, דער עסענדער נעבעל וועט נישט שטענדיג אזוי הענגען, אז סוף כל סוף וועט ער ווערען צובלאָזען אין אלע זייטען און א וואַרעמע, העלע און שמייכעלדיגע זון וועט אויפשיינען פאר אלע־מען פיהלען מיר ערשט דעם טיעפען וועהטאג, וואס דו, טייערער פריינד, וועסט עס נישט קענען מיט דיינע אויגען זעהן; דו, אין וועמענס אויגען די זון האָט זיך ש ט ע נ ד י ג אפּגעשפּיעלט, צי זי איז געווען פארשטעלט מי טוואלקענס, צי נישט; דו, וועמעס העלער, ליעבליכער שמייכעל האָט זיך אזוי איינגעקארבט אין דעם פנים, אז אפילו דער גרויזאמער טויט אליין האָט עס נישט געקענט אפּווישען — ד ו וואלסט דאָך ז י ע ב ע ן מאָל אזוי פיעל אויפגעשטראַלט אין דעם זוניגען טאָג פון דער מענשהייט!

אבער עס איז דיר ניט באַשערט געווען. דו ביזט צוגע־קומען צו יענער ריעזיגער קופּע פון קדושים, וועמענס שטילע לעבענס עס זיינען געבראכט געווארען אויפ'ן מזבח פון אונזער קאמף, אָהן דעם רעש און טומעל פון טראָמפּייט און פּויק. ווי טויזענטער פאר דיר ביזטו אויף דער ק אַ מ פּ פ ס ל י נ י ע געפאלען; פּיקעטענדיג אין דעם רויהען, דורכדרינגענדען הערבסט־וועטער האָסטו דיין קראנקהייט ערווארבען, וואס האָט דיר אזוי פריהצייטיג פון אונז אוועקגעריסען. דו האָסט דאָך א ו מ ע ט ו ם געמוזט זיין! א י י ן קאמפּס־פעלד איז דיר דאָך צו־ווייניג געווען! ווי האָסטו געקענט אין ערגעץ רוהיג איינזיצען וויסענדיג, אז דאָרט ווערען געטריבען דיינע ברי־דער און שוועסטער פון די פּיקעט ליניעס דורך נעדונגענע שקלאַפּישע שלעגער! ווי האָסטו עס געקענט אימיצען, אין ערגעץ א געפעהרליכען ארט, שיקען און אליין דארטען ניט זיין!

דו ביזט, ווי די פאַרצייטיגע קריגס־פיהרער שטענדיג פ א ר א ו י ס אין געפאהר געטראָטען. די שווערסטע ארביי־טען, די אונדאנקבארסטע און רויהע האסטו מיט דיין אפּפער־ווילינקייט און גוטמוטיגקייט אויף דיינע אייגענע פּלייצעס אדורכגעטראגען. דיך האָט קיינמאָל נישט אפּגעשראקען די ש ו ו ע ר ק י י ט פון פרייוויליגען יאָך, דיך האָט קיינמאָל נישט אָפּגעשטויסען די ש ט ו י ב י ג ק י י ט פון זאכען, ווייל דער זייל פון שטויב אליין האָט זיך אונטער דער ליכט פון דיי־נע אויגען אין אַ זייל פון שטראַלען פארוואנדעלט...

חברים און פריינד, איהר הונדערטער, וואס זענט זיך צו־זאמענגעקומען אין אזא קרענקליכען, נאסען און אונערטרעגלי־כען וועטער אפּצוגעבען דעם לעצטען כבוד צו אונזער טייערע[ן] חבר, זייט וויסען, אז מיר שטעהען יעצט נישט ביי דעם אפּע־נעם קבר פון א גרויסען פיהרער, אדער פון א טיעפען דענקער. מיר האָבען יעצט באגלייט צו דער אייביגער רוה אן איינפא־כען ארבייטער, א פּראָסטען סאָלדאַט פון דער רייהע. אבער איך פארזיכער אייך, אז אזעלכע סאלדאטען ווי ער נויטיגען זיך נישט אין קיינע פיהרער און באפעהלער. מיט דעם געזונטע[ן] קאראקטעריסטישען פּראלעטארישען אינסטינקט, וואס פערלאָ־וויץ איז באזעסען האָט מען געקענט געהן פאראוים זיכער א[ון] פעסט, אָהן קאָמפּאַס און קאַפּיטאַנען. עס איז מערקווירדיג ווי זעלטען ער איז געווען אומגערעכט מיט אַ מיינונג, אדער אין א האנדלונג. מיט ווייניג בילדונג, אבער מיט א גראדע[ן] נישט סאָפיסטישען שכל, האָט ער במעט שטענדיג אָנגעטאַפּט מיט זיין נעזונטען חוש דעם ריכטיגען וועג. מיט זיין טריי־הייט און איבערגעבענהייט האָט ער געקענט זיין א מוסטער נישט פאר איין פיהרער. מיט זיין אַפּפערוויליגקייט און גינ־ציגקייט האָט ער מיט זיך פארקערפּערט דעם שעהנסטען פּרא־לעטארישען טיפּ פון א רעוואלוציאָנערער עפּאכע.

מיר פארלירען זיי יעצט די פערלאָוויצעס אין די הונ־דערטער און אין די טויזענטער, כמעט אין אלע ווינקעלעך פו[ן] דער ערד. לאנגע שורות פון מזבחות רויכערען זיך און פאר־צעהרען די קרבנות. די גאנצע וועלט איז איין גרויסע „פּיקעט־ליין", וואו טויזענטער און טויזענטער פּראלעטאריער באַנע־גענען מיט זייער נאקעטער ברוסט די קאלטע שטאָלענע באַ־יאנעטען, וואס א מערדערישע אָרדנונג האָט אויף זיי אָנגע־שטעלט; טויזענטער וועמעס נעמען וועלען פיליכט קיינמאָ[ל] נישט באקאנט ווערען און וועמעס שארפע אדלער־געזיכטע[ר] האָבען קיינע שאַנסען נישט צו ווערען אמאָל אינדיווידועל פאר־קערפּערט אין סטאַטועז פון בראָנז אדער אייזען.

אונזער פערלאָוויץ'ען אבער קענען מיר נישט אזוי גי[ך] אויסמעקען פון אונזער זכרון, ער איז דאָך אימער אלץ געווע[ן] אזוי נאָהענט צו אונז אלעמען. ער איז דאָך געווען נישט נא[ר] אונזער מיטקעמפּער מיט וועמען מיר באגעגענען זיך נאר אי[ן] קאמף — ער איז דאָך אויך געווען אונזער פריינד, אונזע[ר] אויפריכטיגער, טייערער און באמת־גוטער־פריינד ווי אזא הע[־]לע, זיידענע נאַטור האָט נאָר געקענט זיין.

זאלען מיר זיין הייליג־שיינענדען פּנים מיט טיפער עה[ר־]פורכט טראגען פאר זיך אין די אלע ערטער, וואו מיר האָבע[ן] איהם שטענדיג געזעהן און אונזערע מאָטיוען און האנדלונגע[ן] וועלען שטענדיג זיין ריין און זויבער און לייכטען מיט דע[ר] ליכט פון ז י י נ ע אויגען, פון דעם לויטערסטען אידעאל.

---

יאָהר פאר די קינדער. זאָל זיין, אז די אלע פראגען זיינען דערווייל אָנגעריהרט געוואָרען אויפ'ן פּאַפּיער, אָבער אויך דאָס איז גאַנץ וויכטיג. אַ פראַגע קען ניט דורכגעפיהרט ווערען אין לעבען איידער זי ווערט ניט פאָרמולירט פריהער. אין דיע־זען זין האָט זיך געטומעלט אין אַמעריקאַ. אונזער לאנד איז נאָך יונג אין דיעזער באציהונג. ערשט מיט 6 יאָהר צוריק איז דאָ דעם ערשטען מאָל אָפּגעהאַלטען געוואָרען די פראַגע וועגען מוטער-פארזיכערונג. אין מאַי זיינען אין פארשיעדענע שטעדט פון יונייטעד סטייטס אָפּגעהאַלטען געוואָרען קאָנפערענצען וועגען דער מוטער און קינדער־פראַגע. די וויכטיגסטע באַשליסע זיינען, אַז דער געזעץ זאָל פארוועהרען דער פרוי צו ארבייטען איינינע וואָכען פאר'ן האָבען און איינינע וואָכען נאָכ'ן האָבען; אַז ספּעציעלע האָספּיטעלער זאָלען האָבען די אויפזיכט איבער דער פרוי אין צייט פון שוואַנגערשאַפט; אַז מאַמעס-צענטרען זאָלען געגרינדעט ווערען, וועלכע זאָלען שיקען נויירסעס צו די שוואַנגעריגע פרויען און זאָלען אויף זיי אכטונג געבען. די דאָזיגע רעזאָלוציאָנען קימערען זיך אָבער זעהר ווייניג וועגען די מיטלען פון דער ארבייטער־פרוי. אין סאָוויעטען־רוסלאַנד טאָר די פרוי ניט ארבייטען 4 מאָנאַטען — 2 מאָנאַטען פאר'ן האָבען און 2 נאָכ'ן האָבען. דיעזע צייט געפינט זי זיך אין אַ ספּעציעלער היים (אין אַ געוועזענעם צארישען פּאַלאַץ). דיעזע 4 מאָנאַטען קריגט זי באַצאָהלט פון דער רעגירונג.

אויפ'ן געביעט פון סאָפרעדזש האָט די פרוי גאַנץ היבש געוואונען אין יאָהר 1919. פון די אלע געווינסען איז צו זעהן איינס. גלייכע רעכטע פאַר פרויען זיינען געוואָרען אזוי פּאָ־פּולער, אַז עס איז איינפאַך ניט שעהן צו זיין געגען דעם. אזוי האָט אין ענגלאַנד „די האוז אָוו לאָרדס", די קאָנסערוואַטיווסטע אינסטיטוציע אין לאַנד, געשטימט פאַר פרויען־שטימרעכט, מיט 171 שטימען דאַפיר און 81 דאַגעגען.

אין אַמעריקאַ האָבען שוין 21 סטייטס געשטימט פאַר'ן אַמענדמענט צו דער קאָנסטיטוציאָן פאַר פרויען-רעכטע. פיעלע סטייטס האָבען דאָס יאָהר געקראָגען שטימרעכט.

שטימרעכט האָבען געקראָגען די פרויען אין איטאַליען, שפּאַניען, שוועדען. אין די ערשטע צוויי איז דאָס אַ גרויסער געווינס. דאָס זיינען קאַטוילישע, קאָנסערוואַטיווע לענדער.

# די ווינטיגסטע שטרעמונגען אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג

פון ה. בורגין.

עס איז אונמעגליך אָנצודייטען אויף אַלע שטרעמעלעך, ין וועלכע דער ביז־אַהעריגער סאָציאַליסטישער שטראָם האָט ף צוגאָסען. נאָר אין אַלגעמיין קען מען די פיעלפאַכע שאַטי־ ונגען און ריכטונגען איינטיילען אין דריי הויפט־שאַטירונגען: מעסיגע, א ראַדיקאַלע און, ווי עס פיתרט זיך, א צענטער.

צו דער מעסיגער באַלאַנגען די יעניגע, וועלכע שטעהען אין ננצען אָדער טיילווייז אויפ'ן שטאַנדפּונקט פון רעפאָרמערשען אָציאַליזם. לויט זייער סאָציאַלער לאַגע זיינען זיי, מייסטענס, אָרשטעהער פון מיטעל און קליין־בירגערליכע עלעמענטען. דער אָציאַליזם אלס א אידעאַל איז זיי טייער, אבער בלויז אלס א ידעאַל, ניט אַלס א ווירקליכע אויפגאַבע פאַר דער געגענוואַרט. ין דער געגענוואַרט האַלטען זיי זיך — באַוואוסטזיניג אָדער ס — פאַר די אינסטיטוציאָנען פון דער קאַפּיטאַליסטישער דנונג. און דאָס איז ניט אַזוי דערפאַר, וואָס זיי קענען זיך ם שיידען מיט פּריוואַט־אייגענטום, וועלכע ווייט ניט יעדער ן זיי באַזיצט, ווי דערפאַר, וואָס עס איז זיי שווער צו שיידען ף מיט די סאַמע פאָרמען פון לעבען, אין וועלכען זיי זיינען יינגעוואַקסען.

דיזע עלעמענטען ערשיינען אַלס טשעמפּיאָנען פון דעמאָ־ אַטיע, קולטור, (סתם) מענשהייט. דעם פּראָלעטאַריאַט האָ־ נן זיי ליעב, פאַרנעטערען זאָגאַר, אָבער נאָר פון דער ווייטען, י פאַרנעטערען איהם אַלס א ווייטע קראַפט פאַר דער צוקונפט, ער אַלס א נאָהענטער פאַקטאָר פון דער געגענוואַרט איז ער ר פאַר זיי אַפּשטויסענד. און, פּונקט ווי נ. מיכאַילאָווסקי, אַלטען זיי פאָרנעצוינגען צו באַגעהן זיך אָהן איהם.

אין גרונד גענומען, זיינען די רעפאָרמערשע סאָציאַליסטען אבן טוב פאַר דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט אין יעצטי־ ן מאָמענט. זיי זיינען איהר „שבת גוי“, דורך וועלכען זי־ נטערדריקט די רעוואָלוציאָנערע שטרעבונגען פון פּראָלע־ אַריאַט.

ווען ניט זיי, וואָלט דער אינטערנאַציאָנאַלער אימפּעריאַ־ ים ניט געקענט דורכפיהרען די בלוטיגע וואַקכאַנאַליע, וואָס ם חרוב געמאַכט די וועלט. דאָס באַשטעטיגט ניט קיין אַנ־ רער, ווי פיליפּ שיידעמאַן זעלבסט. אויף די פאָרווירפע, פאַר וס די דייטשע סאָציאַל דעמאָקראַטען האָבען געשטימט פאַר'ן חמה־בודזשעט, האָט שיידעמאַן געענטפערט אין ניו יאָרקער ישען „פאָרווערטס“ אונגעפעהר אַזוי :

„מיר האָבען געמוזט שטימען פאַר'ן בודזשעט. וואָרים ווען , וואָלט עס דער דייטשער אַרבייטער פאַרשטאַנען אין דעם ען, אַז מיר זיינען געגען קריעג, און ער וואַלט זיך ענטזאַגט נעהן שלאָגען זיך...“

אַזוי זאָגט דער פּראַקטיקער פון דייטשען סאַציאַל־פּאַ־ יאָטיזם. און דער טעאָרעטיקער קונאָוו איז אין אנפאַנג פון מלחמה אַרויסגעטראָטען מיט א „וויסענשאַפטליכער“ בראָ־ ־ע, אין וועלכער ער האָט זיך געסטאַרעט צו באַווייזען, אַז פּעריאַליזם איז אייגענטליך ניצליך פאַר'ן (דייטשען) אַר־ טער...

האָט דען דער דייטשער קאַפּיטאַליזם געדאַרפט בעסערע טערשטיצער און באַשיצער ווי די שיידעמאַנס און די אווס?

און ניט נאָר האָט דער „שבת גוי“ געהאָלפען זיין פאַטער־ דישען קאַפּיטאַליזם אין דער מלחמה מיט'ן אויסלענדישען פּיטאַליזם, נאָר ער העלפט איהם זאָגאַר יעצט אין זיין פאַר־ יפעלטען קאַמף מיט'ן פּראָלעטאַריאַט, ווי מיר זעהן עס אין טשלאַנד, אונגאַרן, עסטרייך, רוסלאַנד, אוקראַינא, א .ז. וו. ווינטשענקאַס אין אוקראַינא, די אַלעקסינסקיס און די „באַ־ קאַס“ אין רוסלאַנד, די נאָסקעס אין דייטשלאַנד, א. ד. גל. ע זיך דאָך ניט אָפּגעשטעלט זאָגאַר פאַר א פאַלשטענדיגען פאַרראַט פון די הייליגסטע טראַדיציעס פון דער סאָציאַליסטי־ שער באַוועגונג.

נאָר די ווינניטשענקאַס, די „באַבושקאַס“, די שיידעמאַנס, די נאָסעקס, א. ז .וו. טרעטען כאָטש אַרויס אָפען, אָהן מאַס־ קעס, און דער פּראָלעטאַריאַט וויים דאַריבער, ווי צו היטען זיך פון זיי .נאָך ערגער זיינען די יעניגע רעפאָרמערשע סאָ־ ציאַליסטען, וואָס האָבען ניט דעם קוראַזש צו ערשיינען אָהן א מאַסקע. זיי רעדען זיס, פריקרע־זיס, וגעגען קלאַסען־קאַמף, ווע־ גען רעוואָלוציאָנערען פּראָלעטאַריאַט. אָבער ווען עס קומט צו טאָן, האַנדלען זיי ווי פייגלינגע, לאָזען זיך הינרייסען פון בור־ זשואַזען שטראָם, שטימען פאַר מלחמה־בודזשעטען, באַטייליגען זיך אין מאָרד־„פּאַטריאָטישע“ אונטערנעמונגען און פאַרראַטען דעם גייסט פון סאָציאַלער רעוואָלוציאָן אי האָלסייל, אי ריטייל.

אבער טראָץ זייער צוויי־פּנים'דיגקייט — און אפשר דוקא דערפאַר — ווערען זיי פאַרהאַסט אי פון דער רעאַקציאָן, אי פון דער רעוואָלוציאָן. די בורזשואַזיע שאָקעלט זיך פון זיי אָפּ, פאַרפאָלגט זיי אַלס ביטערע שונאים: זי נויטיגט זיך דאָך שוין אין זיי מעהר ניט, דער „שבת גוי“ האָט דאָך שוין זיין אַרבייט אָפּגעטאָן. און אויך די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטען שאָקלען זיך פון זיי אָפּ מיט עקעל און זוכען אָפּצוצאַמען זיך פון זיי.

די ראַדיקאַלע סאַציאַליסטען באַלאַנגען דאָס צו דער שטרעמונג, וואָס איז פּונקט דער היפּוך פון דער מעסיגער. זיי ברייגגען ניט קיין נייעס אין דער באַוועגונג. פּונקט ווי יעזוס איז געקומען נאָר צו פאַרריכטען, ניט צו ענדערען תורת משה, אַזוי זוכען זיי ניט צו ענדערען, נאָר צו פאַרריכטען די באַוועגונג.

די ראַדיקאַלע סאַציאַליסטען באַטראַכטען די איצטיגע היס־ טאָרישע עפּאָכע פאַר א איבערגאַנגס־פּעריאָדע צו סאָציאַ־ ליזם. זיי באַהויפּטען, אַז דער באַנקראָט פון דער קאַפּיטאַליס־ טישער אָרדנונג יעצט נאָך דער מלחמת איז דער פּאַסענדסטער מאָמענט פאַר שריטע צו פאַרווירקליכען סאַציאַליזם. איינפיה־ רען סאַציאַליזם קען מען ניט דורך רעפאָרמען, עס הייסט מיט דער הילפע פון בורזשואַזען שטאַאַט, נאָר, אין געגענטייל, דורך די באַזייטיגונג פון סאַמע שטאַאַט, עס הייסט דורך די פאַר־ ניכטונג פון דער הערשאַפט פון קאַפּיטאַליסטישען קלאַס אי־ בער'ן אַרבייטער קלאַס. אַפּשאַפען די דיקטאַטור (הערשאַפט) פון קאַפּיטאַליסטישען קלאַס וועט ניט די זאָגענאַנטע „דעמאָ־ קראַטיע“, וועלכע פיהלט זיך באַקוועם אין שוים פון קלאַסען־ הערשאַפט, נאָר דער פּראָלעטאַריאַט, דורך זיין דיקטאַטור אין דער געזעלשאַפט. די דיקטאַטור קען דער פּראָלעטאַריאַט ער־ אָבערען ניט דורך כמעט אויסשליסליך פּאַרלאַמענטאַרישע טע־ טיגקייט, נאָר דורך א רעוואָלוציאָנערען קלאַסען־קאַמף, דורך מאַסען אַקציאָן.

אויפ'ן קלאַסען־קאַמף קוקט דער ראַדיקאַלער סאַציאַליסט גאָר מיט אַנדערע אויגען, ווי דער מעסיגער. וועהרענד ביים מעסיגען איז דער קלאַסען־קאַמף אין דער ווירקליכקייט ניט מעהר, ווי א פראַזע, איז ער ביים רעוואָלוציאָנערען סאַציאַ־ ליסט די ספּרונגדזשיגע פון געזעלשאַפטליכער ענטוויקלונג; וועהרענד דער מעסיגער איז בערייט צו פאַרבויגען דעם קלאַסען קאַמף צו גונסטען פון בורג־פריעדען, טרעט דער ראַדיקאַלער אַרויס שאַרף געגען מיטאַרבייטערשאַפט פון קלאַסען; וועה־ רענד דער רעפאָרמערשער שטיצט זיך אויף די קאָנסערוואַ־ טיווע, יחוס'דיגע עלעמענטען פון אַרבייטער קלאַס, אַזוי גוט ווי אויף די פריינדשאַפט פון די העכערע קלאַסען, טרעט דער רעוואָלוציאָנערער אַרויס אין נאָמען פון פּראָלעטאַריאַט אין ברייטען זינען פון וואָרט און ערקלעהרט אונקאָמפּראָמיסליכען קריעג צו די איבריגע קלאַסען; וועהרענד...

נאָר גענוג. דער היפּוך צווישען זיי איז קלאָהר ווי דער טאָג; דער מהלך צווישען זיי איז גרויס, ווי פון מזרח צו מערב;

דער אונטערשיעד איז בולט, ווי צווישען טאָג און נאַכט, — אזוי בולט, אז די רעוואלוציאנערע סאציאליסטען, ווילען שוין מיט די רעפארמערשע ניט טראגען דעם שותפות'ען נאָמען „סאציאליסטען" און נעהמען איבער דעם אמאָליגען נאָמען פון סאציאליסטען, — קאָמוניסטען.

די ראדיקאלע און די מעסיגע — דאָס זיינען די צוויי „פאליוסען" (עקסטרעמען) פון דער באוועגונג. צווישען זיי זיינען דאָ ריכטונגען פון אלערליי קאלירען פון רעגענבויגען, פון סאמע „געל" ביז סאמע „רויט." און די כאראקטעריסטיש־סטע פון זיי איז די צענטער־ריכטונג, וועלכע איז אין דער אינטערנאציאנאלער סאציאליסטישער באוועגונג פארטראטען דורך די „אונאבהענגיגע אין דייטשלאנד, אינטערנאציאנאליס־טען־מענשעוויקעס אין רוסלאנד א. ז. וו.

טעארעטיש זיינען די מענשעוויסטישע אינטערנאציאנא־ליסטען, צ. ב. ש., איינפארשטאַנען מיט די באלשעוויקעס, אז דער פראלעטאריאט טאר ניט נעהן מיט'ן וועג פון בורג־פריע־דען, אז דער רעוואלוציאנערער קלאסען־קאמף דארף זיין זיין שטענדיגער וועג־ווייזער. זיי האָבען אינדאָסירט זאגאר דעם לאָזונג — די גאנצע מאכט צו די סאוועטען. זיי קענען זיך אבער ניט שיידען פון דער בורזשואזער דעמאָקראטיע. זיי פעהלט דער מוט אנצואווענדען די נויטיגע מעטאדען; זיי זייי־נען געגען דער פאלשטענדיגער דיקטאטור פון פראלעטאריאט אין יעצטיגען מאָמענט.

זיי, די צענטריסטען, לאזען זיך אפט פיהרען פון די קא־מוניסטען אבער דערביי קוקען זיי זיך אום אהינטער, אויף די סאציאל־רעפארמערס, — קוקען זיך' אום, שפארען זיך אָפט איין, בלייבען שטעהן, און פלאנטערן זיך אונטער די פיס פון די, וואס ווילען געהן ווייטער; און ווען זיי מאכען שוין א שריט פארווערטס, מאכען זיי באלד א' האלבען שריט ריק־ווערטס.

אָט, צ. ב. ש., האָבען זיי אין סט. לואיס אָנגענומען א פראלעטארישע מלחמה־רעזאלוציאן; אבער אויפ'ן שטעל האָ־בען זיי זיך פארפלאָנטערט מיט'ן בורזשואז־דעמאָקראטישען פי־פעלס קאונסיל. צוזאמען מיט די קאמוניסטען פארדאמען זיי די בערנער אינטערנאציאנאלער קאָנפערענץ; אבער קיין מאס־קווא, זאגען זיי, ווילען זיי ניט געהן. אין שיקאגא מאכען זיי א תל פון דער גאנצער קאפיטאליסטישער רעגירונגס־מאשין; און דעם ארבייטער בעטען זיי נאר באשיצען זיינע בירגער־רעכט.

דער קאפ שטימט ביי זיי ניט איין מיט'ן הארצען, די טע־אריע — מיט דער פראקטיק, דער וואָרט מיט דער טאט. אונ־טער געוויסע אומשטענדען הויבען זיי זיך, א דאנק זייער לאגע, אויף הויך און קריגען א גרויסען איינפלוס; אבער הענגענדיג אין דער לופטען, א דאנק טאקע זייער לאגע, קענען זיי זיך ניט האלטען לאנג אויף זייער הויך.

און מיזעראבעל איז זייער לאגע. „רעכטס" און „לינקס" אטאקירט זיי. זיי האָבען שטרעבונגען, אבער עס פעהלט זיי פליגלען. אין געדאנק שוועבען זיי מיט'ן רעוואלוציאנערען פראלעטאריאט, אבער זייערע פיס שטעהען פעסט אויפ'ן באָ־דען פון די מעסיגע, פון די סאציאל־רעפארמערס.

## מיין ליעבע

י. אדלער.

צו איהרע פיס עס פאלט
אראפ א בלאַט.
דאָס בלאַט איז זאַט
פון טהוי,
פון זון.
פון ווינד —
פון אַלעם איז דאָס זאַט...

צו איהרע פיס עס פאלט
אראָפ מיין הארץ.
דאָס הארץ וואס איז
א קוואל פון שמארץ...
מיין הארץ איז זאַט
מיט וועה
און פיין
און צער
מיט אַלעם איז דאָס זאַט!....

דאן הייבט זי אויף דאָס בלאַט,
וואס איז פון טהוי
און ווינד
און זונענפעדים זאַט,
האלט עס אין איהר ווייסע
האנד;
און לייגט עס אין א בוך
מיט בלומען
אַלערהאַנד — — —

דאָך נישט אין בוך
און נישט אין הארץ
אריין,
שליסט זי היינט מיין
הייסע ליעבע איין,
די ליעבע וואס איז זאַט
מיט צער
און וועה
און פיין...

## שטערען...

י. י. פויזנער.

אין דעם חושך'דיגען הימעל
לייכטען שטערען איבעראל;
דאָ און דארט א ליכטיג שטערן,
דאָ און דארט א זילבער שטראל.

„פינקעלט, פינקעלט שטערען קליינע,
העל באלייכט דארט און באשיינט,

אין דעם חושך־דיגען הימעל,
וואו איהר וואנדערט, וואו איהר זיינט.

פינקעלט ביז דער טאג וועט קומען,
ביז די זון וועט שוין דארט זיין
און די נאכט וועט זיין פארטריבען
דורך איהר צויבערהאפטער שיין."



# פּראָפעסיאָנס-קראַנקהייטען

פון דר. פ. סאַלמאַן.



## די קויהלען מיינערס.

אויסער די געוועהנליכע קראנקהייטען, וואס יעדערער פון אונז איז אונטערוואָרפען פון וויענעלע ביז'ן קבר, ווי מאָזלען, פּאָקען, דיפטעריע, סקארלאטינא, ניומאָניא און נאָך און נאָך, זיינען פאראן פיעל קראנקהייטען, וואס קומען נאָר אלס רעזולטאַט פון די באשעפטיגונגען. אזעלכע קראנקהייטען ווערען אָפט באַצייכענט מיט'ן נאָמען: „קראנקהייטען פון אונזער מאָדערנעם לעבען אָדער „אינדוסטריעלע קראנקהייטען."

אין יעצטיגען מאָמענט, ווען דאס גאנצע לאנד האלט אין איין רעדען וועגען די קויהלען־מיינערס, אין דער צייט, ווען די גאנצע קאפּיטאליסטישע פרעסע איז ארויס מיט דעם געשריי אז די קויהלען-מיינערס זיינען באָלשעוויקעס, ווייל זיי פאָדערען בלויז דרייסיג שטונדען ארבייט, איז רעכט, אז דעם ערשטען ארטיקעל אין דער סעריע זאָל זיך אָנפאנגען מיט די קויהלען־מיינערס.

לויט דעם צענזוס ביוראָ האָבען זיך אין 1912 געפונען איבער אכט הונדערט טויזענד (800,000) קויהלען מיינערס אין די פאַראייניגטע שטאאטען. די מיינערס באשעפטיגונג איז אָבער א ירושה באשעפטיגונג, ד. ה. מיינערס זיינען ניט, ווי אונזערע אידישע אפּערייטארס. א אידישער אפּערייטאר וועט זעהן מיט אלע מעגליכקייטען, אז זיין זוהן זאָל קיין אפּערייטאָר ניט בלייבען. ביי די מיינערס איז דאָס אָבער ניטאָ. א יונגער מאַן געהט אין מיין ווייל זיין פאָטער ארבייט דאָרטען, און ווייל זיין זיידע האָט דארט געארבייט. און אזוי ארום געהט דאס מיינעריי איבער בירושה, און עס איז א גאנץ געוועהנליכע ערשיינונג צו זעהן גאנצע פאמיליעס באשעפטיגט אין דעמזעלבען מיין. מען קאָן דעריבער מיט זיכערהייט זאָגען, אז פון 1912 ביז יעצט איז די צאָהל פון מיינערס פיעל פארגרעסערט געוואָרען. אזוי קומט אויס, אז א גאנצער מיליאָן מענשען פארברענגט כמעט דאָס גאנצע לעבען אין דער פינסטערניש, איז לעבעדיגערהייט באגראָבען טיעף אין דער ערד און אונטערוואָרפען פארשיידענע געפאהרען.

אין פיעלע פון די מיינס, איבערהויפּט, די וועלכע געפינען זיך אין סטייט קאָלאָראדאָ, ארבייטען די מיינערס טויזענד פוס טיעף אונטער דער ערד; און וואָס טיעפער די מיין איז, אלץ הייסער איז די טעמפּעראטור — ווארום די טעמפּעראטור שטייגט אויף 1 גראד פאר יעדע 100 פוס טיעף — און אלץ שווערער איז די ארבייט. די ווענטילאציע אין דיזע מיינס איז אין א שרעקליכען צושטאנד; די לופט איז שטיקענד, פול מיט פייכטקייט און פארשיידענע גאזען: ניפטיגע גאזען פון די קויהלען זעלבסט און אויך גאזען פון די עקספּלאָדירענדע שטאָפען, וואס ווערען באנוצט אום אויפצורייסען די מיינס, כדי עס זאל זיין לייכטער צו גראָבען די קויהלען.

ארבייטענדיג אין אזעלכע הייסע און דאמפּיגע מיינס, ווערט דער מיינער דערהיצט, און ארויסגעהענדיג דערנאָך אויף דער קאלטער און פרישער לופט אין ווינטער צייט, טראָגענדיג אויף זיך די מיט שוויים דורכגעווייקטע קליידער, איז נישט קיין וואונדער, וואס די מיינערס פארקעלטערען זיך זעהר אָפט און א גרויסער טייל פון זיי ליידעט אויף כראָנישע רומאטיזם און בראָנכיטיס.

דער גרעסטער טייל פון די מיינס איז זעהר ניט היגיעניש איינגעאָרדענט, ווייל עס איז איינפאך כמעט אונמעגליך איינצוריכטען דאָרטען וואסער קלאָזעטען, און דארום ווערען דאָרט פארשפּרייט פיעלע קראנקהייטען, וואס קומען פון אומריינליכקייט. טיפוס, דיזענטעריע און א קראנקער לויזער מאָגען זיינען גאנץ אָפטע באזוכער צווישען די מיינערס. און ניט נאָר די מיינס, נאָר זאָגאר די צייטווייליגע „קעמפּס" אין וועלכע די מיינערס האלטען זיך אויף, זיינען שרעקליך פארנאכלעסיגט פון היגיענישען שטאנדפּונקט, און די מיינערס ליידען פיעל פון די „הוק־וואָרם" קראנקהייט, פאראורזאכט דורך א קליינעם פּאראזיט וואס געפינט זיך אין אומריינער ערד. (דער מענש וואס האָט די קראנקהייט, קוקט אויס בלאס, בלום-אָרעם, ליידעט פון א קורצען אָטעם, און די פיס ווערען געשוואָלען, אז ער קען ניט ארומגעהן).

די עקספּלאָדירענדע שטאָפען — נייטראָגליצערין און דינאַמיט — וואס ווערען באנוצט אויפצורייסען די מיינס, פאראורזאכען א גוואלדיגען קראך, און דער קראך, ווען ער הילכט אָפּ אין די אונטעראירדישע גאלערעען, וואו די מיינערס געפינען זיך, פאראורזאכט אַן ערשיטערונג פון דעם „טימפּאנום" — דער אויער דראָם" — און דורך דעם ליידען פיעלע מיינערס פון א כראָנישע קלינגעניש אין די אויערען, דער קאָפּ דרעהט זיך און אָפטמאָל ווערען זיי טויב.

א גרויסע טייל פון די מיינערס ליידט אויף א סאָרט אויגען קראנקהייט, באקאנט אין דער מעדיצין אונטער דעם נאָמען: „מיינערס ניסטאגמוס"; פון ארבייטען אימער אין האלב־פינסטערניש און קוקענדיג שטענדיג מיט די אויגען ארויף, ווערען די מוסקלען פון די אויגען מיעד און אָפּגעשוואכט, און דאָס אויג האלט זיך אימער אין א באוועגענדען צושטאנד, די ראיה ווערט שוואך, און ווען עס האלט לאנג אָן קאָן מען בלינד ווערען.

אחוץ דעם ווערען דעם מיינער'ס פינגער און הענט גאנץ אָפט באדעקט מיט גרויסע מאָזאָליעס פון האלטען אימער דעם „פּיק" — דער אייזען מיט וועלכען ער האקט די קויהלען. די הויט ארום די גראָבע פינגער ווערט אָזוי דיק און די מאָזאָליעס אזוי געשוואָלען, אז אָפט פארוואנדלען זיי זיך אין גרויסע „פּוכירעם" און מען מוז זיי אויפשניידען.

אממייסטען אבער ליידען די מיינערס פון די שטויב, וואס זיי אטעמען איין ביי דער ארבייט. איבערהויפּט ליידען פון דעם די „סטאָוקערס", ד. ה. די וועלכע עס שאַרען די קויהלען. טאָג איין, טאָג אויס האלטען די מיינערס אין איין אָטעמען קויהלען־שטויב, די צעלען פון זייערע לונגען ווערען מיט דעם אָנגעפילט, און די לונגען אליין ווערען שווארץ טאַקי ווי קויהלען. דעריבער ליידען פיעל פון זיי פון א סאָרט קאָנסאָמפּשאָן, וואָס רופט זיך „אנטראַקאָסיס" — אָדער „מיינערס קאָנסאָמפּשאָן". מיט יאָהרען צוריק האָט דיעזער אָרט קאָנסאָמפּשאָן געמאכט גוואלדיגע חורבנות צווישען די רייהען פון די מיינערס; יעצט אבער, א דאנק די בעסערע ווענטילאציע, וואָס איז איינגעפיהרט געוואָרען אין פיעלע מיינס, איז די געפאהר פיעל פארקלענערט געוואָרען, און כאָטש עס איז א פאקט, אז די שטערבליכקייט פון לונגען טובערקולאָזיס צווישען קויהלען־מיינערס איז קלענער ווי צווישען ארבייטער פון אנדערע טריידס, מוז מען אָבער געדענקען — ווי א גרויסער דאָקטאָר ערקלערט — אז פיעל פון די מיינערס שטאַרבען אָדער ווערען אומפעהיג צו ארבייטען דורך אומגליקספאלען אין דעם עלטער ווען נאַטירליכערווייזע וואָלטען זיי ערשט געוואָרען פעהיג צו באקומען קאָנסאָמפּשאָן. נאָך מעהר, די סטאַטיסטיק וועגען דעם ווערט געזאמעלט דורך די ארבייטס-געבער — די קויהלען־מאגנאטען, און ניט ביי קאָמפּעטענטע מעדיצינישע פאָרשער, און אויף אזעלכע סטאטיסטיקס קען מען זיך ווייניג וואָס פארלאָזען.

אלס א צוגאָב צו די קויהלענשטויב, אָטמען די מיינערס די אונפארצעהרטע גיפטיגע גאזען פון „ניטראָגליצערין" וואָס ווערען באנוצט אויפצורייסען די מיינס, און דיזע גאזען פאראורזאכען אין דעם מיינער איבעלקייט, קאָפּשמערצען און הארצקלאַפּעניש. אום אויסצומיידען די געפאהרען פון איינאָטמען די גיפטיגע גאזען און די פולווער, האָט מען אין פילע מיינס איינגעפיהרט וואסער־קראפט אויפצורייסען די מיינס. דאָס ווערט געטאָן אויף פאָלגענדעם אופן: מען בויערט אויס לעכער אין די קויהלען-מיינס, און דורך די שפּאַלטען לאָזט מען אריין וואסער־קראפט, וועלכע צורייסט די קויהלען-מיינס, און דאָן קענען די מיינערס דאָס לייכט צוברעכען מיט'ן „פּיק" — אזעלכע אויסבעסערונגען זיינען שוין איינגעפיהרט געוואָרען אין די מיינס פון פאָלגענדע סטייטס: וועסט ווירדזשיניא, אלאבאמא, אינדיאנא, אילינאָיז און אָקלאָהאָמא. עס איז כדאי צו באמערקען אז אין דייטשלאנד באנוצט מען זיך שוין פון לאנג מיט וואסער־קראפט אנשטאָט גאזען אום אויפצורייסען די מיינס.

נאָך א זאך. אין דעם נישט לאנג צוריק מיליטאַריסטישען דייטשלאנד און אין דעם קליינעם בעלגיום איז איינגעפיהרט, אז דער מיינער, איידער ער געהט אהיים פון דער ארבייט, נעמט ער א „שאוער באד", און בייט איבער זיינע קליידער, אין א באזונדערען פּלאץ, וואָס געפינט זיך פאר דעם צוועק נעבען מיין. ביי אונז אָבער, אין דער רייכער אמעריקא, האָבען די קויהלען־מאגנאטען ניט גענוג געלד דאס צו טאָן, און דער מיינער איז געוואוינט זיך אומקערען אהיים און פאָהרען אָפט אין קאר מיט זייערע פארשמוצטע קליידער און באדעקט פון קאָפּ ביז די פיס מיט שוויים און שמוץ.

אבער די אלע אונאנגענעהמליכקייטען און קראנקהייטען, פון וועלכע דער מיינער ליידט, זיינען גאָרניט אין פארגלייך מיט דער ריכטיגער לעבענס־געפאהר אין וועלכער דער מיינער געפינט זיך שטענדיג פון דער צייט, וואָס ער געהט אראָפּ אין מיין ביז ער דערזעהט צוריק די ליכטיגע שיין. אין דעם היג־

זיכט איז צו זיין אַ קויהלען־מיינער איינע פון די געפעהרליכ־סטע טריידס וואָס אַ מענש קען האָבען. דאָס זיינען די אָפּטע עקספּלאָזיאָנען וואָס טרעפען אין מיינס, וואו פיעלע געזונטע און יונגע לעבענס געהען פאַרלאָרען אונטער די שרעקליכסטע יסורים וואָס מען קען זיך קוים פאָרשטעלען.

עס איז איבעריג צו רעדען פיעל וועגען דעם, ווייל ווען אַזאַ אומגליק פּאסירט, לעזט מען דאָס אין די צייטונגען. איך וויל דאָ נאָר דערמאָנען איינע פון די קאַטאַסטראָפעס, וואָס האָט געטראָפען אין 1906 אין פראנקרייך, וואו עלף הונדערט מענער און אינגלאך האָבען פאַרלאָרען זייער לעבען אין אַ קויהל־מיין. דער אומגליק האָט דאַן געמאכט אַ גוואַלדיגען רושם אויף דער וועלט, און פון דאַן אָן האָט מען אָנגעהויבען זוכען פיעל בעסערע מיטלען ווי צו פאַרזיכערען דעם מיינער׳ס לעבען.

און איינע פון די וויכטיגסטע זאכען וואס די „יונייטעד סטייטס ביוראָ אָוו מיינס" האָט אויפגעטאָן אין דיזען הינ־זיכט, איז געווען איינצוריכטען „רעסקיו סטיישאָנס" — רע־טונגס־פּלעצער — נעבען די גרויסע מיינס. אָט די רעטונגס־פלעצער ווערען באַזאָרגט מיט אלע „ערשטע הילף" מיטלען און געפינען זיך אונטער דער אויפזיכט פון עקספּערטען, וועלכע לערנען די מיינערס ווי צו רעטען זייערע קאַמעראַדען אין פאַל פון אַן אומגליק. אָבער אומגליקליכערווייזע זיינען דאָ ניט פיעל אַזעלכע רעטונגס סטיישאָנס, און אומגליקען פון דעם סאָרט, ווי איהר לעזט אין די צייטונגען, זיינען אַ גאַנץ גע־וועהנליכע ערשיינונג אין דעם מיינערס לעבען.

עס זעהט אויס, אַז די מיינערס פאָדערונגען זיינען ווייט ניט באָלשעוויסטיש. מען דערצעהלט אונז, אַז די מיינערס פאָדערען 30 שטונדען, ווייל יעצט ארבייטען זיי וועניגער א... קענען קיין לעבען ניט מאַכען. אויב אַזוי, איז עס ווירקליך צו באַדויערען; ווייל, אין אַן אויסגערעכענטער מענשליכער געזעל־שאַפט טאָר אַ מיינער ניט ארבייטען מעהר ווי 20 שטונדען אַ וואָך, צו 4 שטונדען אַ טאָג, פינף טעג אַ וואָך. דער מיינער דאַרף אָבער קריגען באַצאָהלט פאר די צוואנציג שטונדען אוֹם צו האָבען גענוג אויף צו מאַכען אַ בכבוד׳יגען לעבען. און אַלע מעגליכע מיטלען דאַרפען אָנגעווענדעט ווערען אום אויסצובע־סערען די אומשטענדען אונטער וועלכע דער מיינער ארבייט. פאַר דעם צוועק האָט מען געדאַרפט איינפיהרען גענוג ווענטילאציע אין די מיינס, מאַכען דאָרטען וואַסער־קלאָזעטען, אום צו פאַר־היטען די פאַרשפּרייטונג פון קראַנקהייטען, וואָס קומען דורך אַ...מריינקייט; איינריכטען פּלעצער צום וואַשען זיך און בייטע... די קליידער, ווען די מיינערס פאַרלאָזען דעם מיין, עטאַבלירע... רעטונגס־סטיישאָנס לעבען יעדער מיין, און איינפיהרען רעגעל... אונטערזוכונגען פון דעם מיינערס געזונד ביי דאָקטוירים אָנגע־שטעלט פאַר דיזען צוועק. און ווען דאָס אַלץ וועט דורכגע־פיהרט ווערען, וואָלטען מיר אנשטאָט איין מיליאָן געהאַט צוויי מיליאָן מיינערס, און די פּראָדוקציאָן פון קויהלען וואָלט געווע... נאָך איבער גענוג.

איך זאָג אַזוי האָט געדאַרפט זיין, אָבער ... דער יעצטיגער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג איז דאָס אַן אונ... מעגליכקייט, און דעריבער מעגען מיר ערוואַרטען נאָך פיעי... סטרייקס אין דער קויהלען אינדוסטרי און זיין דערווייל „צ... פרידען" מיט היצלאָזע טעג און ליכטלאָזע נעכט.

# דער חאָר

נחום י.

(פאַבעל)

אַמאָל פאַרצייטענס איז אַ גרויסער האַר
פון זיין פאַרפּוצטער בעט,
אוועק אין לאַנד, וואו ס׳הערשט פּלוטאָן.
געשטאַרבען, הייסט דאָס, פּראָסט גערעדט.
און ווי עס פיהרט זיך שוין פון שטענדיג אָן, —
האָט מען אויף יענער וועלט צום משפּט איהם געבראַכט,
באַטראַכט —
און באַלד האָט מען אַ פראַגע איהם געשטעלט:
— „אין וועלכען לאַנד ביזט דו געווען געבאָרען
און וואָס האָסט דו געטאָן דאָרט אויף דער וועלט?"
— „איך האָב אין פּערסיען געלעבט די גאַנצע יאָהרען
און האָב אין דער רעגירונג דאָרט
פאַרנומען גאַר אַ גרויסען אָרט.
נאָר ווייל איך בין געוועזען ביים לעבען שטענדיג שוואַך,
פלעג איך אַליין ניט טאָן קיין זאַך,
נאָר מיין געהילף פלעגט דאָרט פאַר מיר די הערשאַפט
פיהרען"...

— „און וואָס געטאָן האָסט דו?"
— „געגעסען גוט, געטרונקען און געלעבט אין רוה,
בלויז אונטערשרייבען פלעג איך די פּאַפּירען,
וואָס מיר דערלאַנגען פלעגט דער סעקרעטאַר"...
— „גן עדן קומט דעם האַר!" —
האָט זיך פון אויבען אַ באַפעהל דערהערט.
— און וואו איז די גערעכטיגקייט, פאַר וואָס?" —
האָט אויסגעשריען דאָ אַ מלאך מיט פאַרדראָס.
— „פאַרשטעהסט די זאַך ניט", — האָט אַ צווייטע...
איהם דערקלעהרט, —
„דו זעהסט ניט דען,
אַז דער פאַרשטאָרבענער איז דאָך אַ נ אַ ר געוועזען!
איז וואָס וואָלט זיין, באַטראַכט,
ווען האָבענדיג זיין גרויסע מאַכט —
וואָלט ער זיך נעמען הערשען דאָרט אַליין?
דאָס גאַנצע לאַנד וואָלט דאָך דורך איהם אומגליקליך
ווערען
דאָרט וואָלטען אייביג זיך ניט אויסנעמען קיין טרערען
און קיין געוויין — ...
גן עדן דאַרף ער שוין דערפאַר אַליין באַקומען,
ווייל ער האָט זיך צו קיין זאַך ניט גענומען."

---

ערשט נעכטען בין איך אין געריכט געווען
און האָב דעם ריכטער דאָרט געזעהן.
נו, קאָן מען, דאַכט זיך, זיכער זיין,
אַז אין גן עדן וועט ער נאָכ׳ן טויט אריין...

# דאָס ערנסטע קען נאָך קומען...

אַרטור עסעלין.

מיט זון־פרייד מעג פאַרגאָסען זיין דיין מאָרגען,
דיין וועג מעג זיין מיט בלומען אויסגעשאָטען,
דאָך וויים מיין פריינד, דאָס גליק האָט אויך אַ שאָטען...
אַ שטורעם לויערט שטענדיג וואו פאַרבאָרגען...

און מעגסטו דיינע פוס־טריט היטען, מעסטען,
דעם ציעל־פונקט פון דיין גרויסקייט צו דערגרייכען,
דאָס לעבען דורשט די גרויסע נאָר צו ברעכען...
געטראָפען האָט אַזוי שוין מיט׳ן גרעסטען...

דער גאָט, וואָס צינדט, ער לעשט אויך אויס נשמות,
ער שיקט דיר אָפטמאָל „געטליך" פאַלשע קלאַנגען:
ווייס: דו קאָנסט דיין טאָג מיט פרייד עמפּפאַנגען,
באַגלייטען איהם — מיט טויטע שוואַרצע קללות...

נייז, נייז. קומט קיינמאָל ניט צום גרייטען: האָט איהר שוין געטאָן גענוג

# די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג אין 1919

אהרן סטאָלינסקי.

מיט יעדען יאָהר קריגט די וועלט צו עטליכע טויזענד נייע קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעהמונגען. דער וואוקס פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג איז אייגענטליך אַ נאָרמאַלער, אַ שטענדיגער. די וועלט־מלחמה, די דיזאָרגאַניזאַציע פון האַנדעל און אינדוסטריע, און דער אומער שטייגענדער יקרות האָבען אַ סך געהאָלפען, אַז די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג זאָל זיך פאַנאַנדערוואַקסען מיט אַן אומגעהויערער, ביז איצט אומבאַקאַנטער, שנעלקייט. פאַר די לעצטע דריי־פיער יאָהר איז די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג אין מאַנכע ערטער געוואַקסען שנעלער, ווי די אָרטיגע באַפעלקערונג.

אָבער דאָס יאָהר 1919 איז געווען דאָס מערקווירדיגסטע — דאָס בעסטע פאַר דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג זינט איהר סאַמע אָנפאַנג. אין דעם דאָזיגען יאָהר איז די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג ניט בלויז געוואַקסען אין צאָהל, נאָר אויך אין אינהאַלט. נאָך קיינמאָל בעפאָר זיינען ניט געמאַכט געוואָרען אַזוי פיעל פאַרזוכען צו פאַרבינדען אַלע קאָאָפּעראַטיוון — צו דערנעהנטערען צום אינטערנאַציאָנאַלען קאָאָפּעראַטיווען שטאַאַט, צום אידעאַל פון קאָאָפּעראַציע, ווי הײנטיגען יאָהר. כמעט אין אַלע לענדער, וואו עס געפינען זיך נאָר קאָאָפּעראַטיוון, האָט מען איצט אָנגעפאַנגען אַ וועלט־אומפאַסענדע אַגיטאַציע צו בויען די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג קוואַליטאַטיוו, ריכטיגער, צו ערציהען קאָאָפּעראַטאָרס און ניט בלויז מעכטיגע, מיליאָן־דאָלאַרדיגע אונטערנעהמונגען. דאָס איז דאָס כאַראַקטעריסטישטע פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג אין יאָהר 1919. מען יאָגט זיך שוין ניט בלויז נאָך גרויסע אומזאַצען, נאָר אויך נאָך געוויסע אידעאַלען.

---

ענגלאַנד פאַרנעמט, בלי ספק, דעם ערשטען פּלאַץ אין דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג. הגם אין צאָהל האָבען איניגע לענדער שוין לאַנג איהר איבערגעיאָגט, קוקט מען פונדעסטוועגען פון איבעראַל אויף ענגלאַנד אַלס דאָס וויעגעלע און מוסטער פון קאָאָפּעראַציע.

קיין סך נייע קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען זיינען אין ענגלאַנד דעם הײנטיגען יאָהר ניט צוגעקומען. פאַר דעם אָבער האָבען זיך די אַלטע קאָאָפּעראַטיוון שטאַרק פאַרגרעסערט. דאָס איז דאָס מערקווירדיגסטע פון די ענגלישע קאָאָפּעראַטיוון: זיי וואַקסען פיעל מעהר אין דער ברייט, ווי אין צאָהל. כמעט אַלע קאָנסום קאָאָפּעראַטיוון (אַן ערך 1,700 אין צאָהל) האָבען געוואַלטיג פאַרגרעסערט זייער אומזאַץ און געעפענט נייע ברענטשעס. די ביידע מעכטיגע קאָאָפּעראַטיווע האָלסיילס, די ענגלישע און סקאָטישע, האָבען בשותפות געעפענט אַ היבשע צאָהל נייע פאַבריקען. באַזונדערס מוז דערמאָנט ווערען די מעטש פעקטאָרי. עס זיינען אויך שוין געמאַכט געוואָרען די ערשטע שריט, כדי צו באַשאַפען אַ גרויסען קאָוסט פליט פון פיעלע שיפען ספּעציעל פאַר'ן טעע האַנדעל: די ענגלישע קאָאָפּעראַטאָרס זיינען שוין הײנטצוטאָג די גרעסטע סוחרים פון טעע, קאַפע און קאַקאָ. די האָלסייל באַזאָרגט 1500 קאָאָפּעראַטיוון מיט אַלע נויטיגע פּראָדוקטען. די קאָאָפּעראַטיווע האָלסייל האָט שוין איצט: אייגענע ווייץ פעלדער אין קאַנאַדאַ; מעכטיגע מעהל מיהלען אין ענגלאַנד; גערטנער אין אינדיאַ; פּלאַנטאַציעס אין וועסט אפריקא; טויזענדער אַקער לאַנד מיט פרוכטען, גרינסען, מילכיגע פּראָדוקטען א. ז. וו.; כמעט אַלע ברויכבאַרע אַרטיקלען ווערען אויסגעאַרבייט אין אייגענע קאָאָפּעראַטיווע פאַבריקען; בענק, אינשורענס א. ז. וו. די ענגלישע קאָאָפּעראַטיווע האָלסייל פאַרקויפט וועכענטליך פאַר איבער 6¼ מיליאָן דאָלאַר אַרטיקלען צו די לאָקאַלע קאָאָפּעראַטיוון. די סקאָטישע האָלסייל האָט פאַר'ן יאָהר, וואָס האָט זיך געענדיגט לעצטען יוני, געמאַכט אַן אומזאַץ פון 58,665,000 דלאַר.

מיט עטליכע מאָנאַטען צוריק האָט די קאָאָפּעראַטיווע האָלסייל ארויסגעלאָזען „דעוועלאָפּמענט באָנדס", אָדער ווי די קאָאָפּעראַטאָרס האָבען זיי גערופען „ליבערטי באָנדס", כדי צו באַשאַפען אַ פאָנד, אום צו באַקעמפען די „ביג ביזנעס". אין משך פון אַ קורצער צייט איז פאַרקויפט געוואָרען פאַר 12½ מיליאָן דאָלאַר באָנדס צווישען די לאָקאַלע קאָאָפּעראַטיוון און טרייד יוניאָנס. די יוניאָנס האָבען דאָ ניט לאַנג צוריק פאַרשפּראָכען זייער פולען סופּאָרט דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג. די ענגלישע קאָאָפּעראַטאָרס באַטייליגען זיך איצט שוין אויך אין פּאָליטישען לעבען. אין די ענגלישע קאָאָפּעראַטיוון זיינען דירעקט פאַראינטערעסירט אַ דריטעל פון דער גאַנצער באַפעלקערונג. ביים לעצטען קאָאָפּעראַטיווען קאָנגרעס אין ענגלאַנד איז צווישען אַנדערעס באַשלאָסען געוואָרען: צו שיקען קאָאָפּ. פאַרטרעטער אין פּאַרלאַמענט; וועגען קאָנסקריפּשאָן; נאַציאָנאַליזירען די מיינס, און באַשאַפען אַ גרויסע קאָאָפּעראַטיווע אַגריקולטור פאַר די קאָנסום פאַראיינען.

---

אין רוסלאַנד האַלט די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג נאָך אַלץ אין וואַקסען מיט אַן אומגעהויער שנעלקייט. ניט מאַנכע באָלשעוויסטישע טאָנגעבער און אויך ניט די עליוים־בלאָקאַדע האָבען געקענט שטערען איהר מעכטיגען וואוקס. די באָלשעוויקעס האָבען זיך שנעל אַרומגעזעהען, דאָס עס איז ניט בלויז נוצלאָז צו קעמפפען געגען די קאָאָפּעראַטיוון, נאָר אַז אָהן די קאָאָפּעראַטיוון קענען זיי פאַקטיש ניט עקזיסטירען. אָהן די קאָאָפּעראַטיוון וואָלט די רוסישע באַפעלקערונג שוין לאַנג געווען אויסגעשטאָרבען פון הונגער. פיעלע פאַבריקען האָבען די באָלשעוויקעס איבערגעגעבען צו די קאָנסום קאָאָפּעראַטיוונען, ווייל זיי האָבען די פאַבריקען מיט זייער סיסטעם ניט געקענט פאַרוואַלטען. לענין האַלט זעהר שטאַרק פון די אַרבייטער קאָאָפּעראַטיוון, וועלכע זיינען אין די גרויסע שטעדט די טאָנגעבער. אין'ם קאָאָפּעראַטיוו גופא האַלטען זיך אַלע נייטראַל צו פּאָליטישע פראַגען. רוסלאַנד האָט איצט שוין איבער 50 טויזענד קאָאָפּעראַטיוון מיט אַ מיטגלידערשאַפט פון 20 מיליאָן! רעכענענדיג 5 פּערזאָנען אין פאַמיליע, דאַן זיינען אין די רוסישע קאָאָפּעראַטיוון פאַראינטערעסירט 100 מיליאָן פּערזאָנען, אָדער אַרום אַ העלפט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג. דער אומזאַץ פון דער קאָאָפּעראַטיווער האָלסייל סאָסייעטי אַליין האָט פאַר'ן לעצטען יאָהר באַטראָפען צוויי ביליאָן (2,000,000,000) רובעל.

די קאָאָפּעראַטיווע פאָלקס־באַנק (מאָסקאָווסקי נאַראָדני באַנק) אין מאָסקווא וואַקסט מיט אַ פיבערהאַפטער שנעלקייט. זי איז איצט שוין די שטאַרקסטע און גרעסטע באַנק אין רוסלאַנד און אויך די גרעסטע קאָאָפּעראַטיווע באַנק אין דער וועלט. זי האָט ברענטשעס איבער גאַנץ רוסלאַנד, איז דער פינאַנסיר — דאָס הארץ פון דער רוסישער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג. לעצטען יאָהר האָט די באַנק געבאָרגט קנאַפּע 800 מיליאָן רובעל צו קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען. די באַנק קויפט אויך איין מאַשינען און אַנדערע אַרטיקלען פאַר די קאָאָפּעראַטיוון. זי האָט אויך אָפּטיילונגען אין אויסלאַנד (אין לאָנדאָן און אין ניו יאָרק). לעצטען יאָהר האָט די באַנק אוועקגעגעבען אַ האַלבען מיליאָן רובעל פאַר קולטורעלע צוועקען. דער קאָאָפּעראַטיווער אוניווערזיטעט באַווייזט ממש וואונדער. אַן ערך 2 מיליאָן רובעל קאָסט איצט די קאָאָפּעראַטיוון אויסצוהאַלטען דעם דאָזיגען אוניווערזיטעט. די רוסישע קאָאָפּעראַטיוון גיבען אַרויס אַ מאַסע זשורנאַלען, צייטונגען, ביכער, פּאַמפּלעטען, בראָשורען א. ז. וו., האָבען ספּעציעלע קאָאָפּעראַטיווע שולען פאַר אָנגעשטעלטע, סעקרעטערע און אָרגאַניזערס.

די אַל־רוסישע קאָאָפּעראַטיווע האָלסייל סאָסייעטי (מאָסקווע) האָט איצט שוין 307 דיסטריקט יוניאָנס און 20 צענטראַלע פאַרבאַנדען, מיט 30 טויזענד ריטייל קאָאָפּעראַטיווע סטאָרס. רוסלאַנד דאַרף זיין דער בעסטער אַרגומענט פאַר אונזערע „לינקע", אַז מ'איז „ראַדיקאַל" טאָר מען ניט זיין קיין קאָאָפּעראַטאָר...

די סיבירישע קאָאָפּעראַטיוון פאַרטרעטען אַרום 14 מיליאָן פויערים.

אין פּאַריז איז הײנטיגען יאָהר אָפּגעהאַלטען געוואָרען דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָאָפּעראַטיווער קאָנגרעס. דעם לעצטען אויגוסט איז אין לאָנדאָן אָפּגעהאַלטען געוואָרען אַ ספּעציעלער קאָנפערענץ פון דער „אינטערנאַציאָנאַלער קאָאָפּעראַטיווער אַליאַנץ", כדי דורכצופיהרען די וויכטיגסטע באַשלוסען פון דעם דאָזיגען קאָנגרעס. צווישען אַנדערעס איז אויך אָנגענומען געוואָרען דער פּלאַן פון די רוסישע דעלעגאַטען, צו גרינדען אַן אינטערנאַציאָנאַלען קאָאָפּעראַטיווען טרייד און קאָמערץ עקסטשיינדזש, און אַן אינטערנאַציאָנאַלע קאָאָפּעראַטיווע האָלסייל סאָסייעטי, וואָס זאָל איינקויפען געוויסע פּראָדוקטען פאַר אַלע קאָאָפּעראַטיוון פון דער גאַנצער וועלט. די רוסישע דעלעגאַטען זיינען געווען די ערשטע וועלכע האָבען זיך געפלעדזשד אַ האַלבען מיליאָן דאָלאַר פאַר דעם צוועק. דאָס איז דער ערשטער פּראַקטישער שריט צו פאַרבינדען אַלע קאָאָפּעראַטיוון פון דער גאַנצער וועלט. די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג געהט דערמיט אַרויס פון איהר ענגער נאַציאָנאַלער ראַמקע און ווערט אַ וועלט־מאַכט.

---

די בעלגישע קאָאָפּעראַטיוון האָבען הײנטיגען יאָהר געמאַן

דאַסזעלבע וואָס די ענגלישע: אַנשטאָט צו וואַקסען בלויז אין צאָהל, וואַקסען זיי בעסער אין דער בריוט, און אינהאַלט. די בעלגישע קאָאָפּעראַטיוון האָבען אַ גרויסען חלק אין דעם סאָציאַליסטישען זיעג ביי די לעצטע וואַהלען. דער „מייזאָן די פּעפּל", דאָס פאָלקס־הויז, איז דער צענטער פון אלע ראַדיקאַלע טעטיגקייטען. ווי עס האָט זיך לעצטענס אַרויסגעצייגט, האָבען די בעלגישע קאָאָפּעראַטיוען גאַנץ ווייניג געליטען פון דער מלחמה, און אין פילע ערטער האָבען זיך די קאָאָפּעראַטיוען זעגאַר פאַרדריפאַכט.

---

די שוועדישע קאָאָפּעראַטיוען האָבען תּיכטיגען יאָהר צוגע־קראָגען 45 טויזענד נייע מיטגלידער.

---

די איטאַליענישע צענטראַלע קאָאָפּעראַטיווע באַנק, וועלכע איז איינע פון די גרעסטע קאָאָפּעראַטיווע בענק אין דער וועלט, האָט איצט אַ שער־קאַפּיטאַל פון איבער 15 מיליאָן ליר.

---

די האָלענדישע ארבייטער קאָאָפּעראַטיווען האָבען זיך פאַר־גרעסערט אויף 15 פּראָצענט. זייער מיטגלידערשאַפט באַטרעפט איצט 50 טויזענד.

---

פון די דייטשע קאָאָפּעראַטיווע זשורנאַלען, וואָס מיר האָבען די טעג ערהאַלטען, איז צו זעהן, אַז די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג וואַקסט דאָרטען מיט אַ קאָלאָסאַלער שנעלקייט. הויפּטזעכליך וואַרפט זיך שטאַרק אין די אויגען דער וואוקס פון די ארבייטער קאָאָפּעראַ־טיווען, וועלכע ווילהעלם'ס רעגירונג האָט געשטערט אויף שריט און טריט. די דייטשע קאָאָפּעראַטאָרס געפינען זיך שוין ווידער אין נאָהענטע פאַרבינדונגען מיט די קאָאָפּעראַטאָרס פון אַנדערע לענדער.

---

די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג האָט דורך דעם לעצטען יאָהר אויך אָנגעהויבען אַריינצודרינגען אין אינדיען, יאַפּאַן, כינאַ, אַרמעניען, האַוואַיאישע אינזלען א. ז. וו. פון איבעראַל קומט אָן באַריכטען פון נייע קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען.

---

אין קאַנאַדאַ האָט די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג אויך צו פאַר־צייכענען אַ גוטען רעקאָרד תּיכטיגען יאָהר.

---

אין די פאַראייניגטע שטאַאַטען מאַכט איצט די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג דורך איינע פון איהרע גלענצענדסטע עפּאָכען. מיט צוויי יאָהר צוריק האָבען זיך דאָ געפונען אַן ערך 800 קאָאָפּעראַטיווען, און הײַנט צו טאָג האָבען מיר שוין איבער 8 טויזענד קאָאָפּעראַטיווען. די „קאָאָפּעראַטיוו ליעג אָוו אמעריקא" טוט וואונדערבאַרע ארביי[ט] אויפ'ן געביט פון קאָאָפּעראַטיווע פּראָפּאַגאַנדא און עדיוקיישאָן, אי[ן] וועלכען מען נויטיגט זיך אין אמעריקא אם שטאַרקסטען. די „נייש[א]נאַל קאָאָפּעריוטיוו אסס'ן", וועמעס הויפּט אָפיס עס געפינט זי[ך] אין שיקאַגאָ און טאָט פילע ברענטשעס איבער'ן גאַנצען לאַנד, האָ[ט] זיך געגרינדעט מיט'ן צוועק, כדי צו פאַרשפּרייטען ראַטשדייל[ער] קאָאָפּעראַטיווען און צו עטאַבלירען אַ מעכטיגע נאַציאָנאַלע האָלסיי[ל] געזעלשאַפט. די געזעלשאַפט פּיתרט אָן אַ שטאַרקע אַגיטאַציע, כד[י] צו שאַפען אַ מיליאָן דאָלאַר פאָנד פאַר דעם דאָזיגען צוועק.

די אידישע קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג האָט אויף ביידע זייט[ען] ים אויך געוואונען זעהר אַ סך אין 1919. אין אונזער אלטער הײַ[מ] פאַרשפּרייטען זיך איצט זעהר שטאַרק הויפּטזעכליך די לײַה־און־שפּאָר קאַסען (קאָאָפּעראַטיווע בענק). אין די פאַראייניגטע שטאַ[א]טען, ווידער, פאַרנעמען דעם אויבען־אָן די קאָנסום קאָאָפּעראַטיווע[ן] (קאָאָפּעראַטיווע סטאָרס). מיר האָבען איצט שוין אין אמעריק[א] אַרום 50 אידישע קאָאָפּעראַטיווען, וועלכע האָבען איינע אָדער מעה[ר]רערע אונטערנעמונגען. עס האַלטען זיך איצט אויך אין גרינדע צווישען 50 און 60 נייע קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען. דאָס רוב פון זיי שטעהען אין נאָהענטער פאַרבינדונג מיט דער אידיש[ער] קאָאָפּעראַטיווער פעדעראַציע.

כמעט אַלע עקזיסטירענדע אידישע קאָאָפּעראַטיווען זיינען אַ[ן]געשלאָסען אָן דער אידישער קאָאָפּעראַטיווער פעדעראַציע. אָן דע[ר] פעדעראַציע זיינען אויך שוין אָנגעשלאָסען אַרום 45 ארבייטער רינ[ג] ברענטשעס, עטליכע יוניאָנס, צענטראַלע קערפּערשאַפטען, ווי למשל ארבייטער רינג, אידישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציע, אינטערנעצ[י]ענאַל ארבייטער רינג, לייבאָר ליעג, פּועלי ציון, נאַציאָנאַלער אר[ביי]טער פאַרבאַנד א. ז. וו. די פעדעראַציע קלייבט איצט אַ הונ[דערט] טויזענד דאָלאַר פאָנד, אָז איהר זשורנאַל, „די קאָאָפּעראַטיווע וועלט" זאָל קענען ערשיינען כאָנאַטליך. די פעדעראַציע טוט זעהר אַ [ס]ך פאַר די אידישע קאָאָפּעראַטיווען. דורכ'ן יאָהר 1919 האָט זי אַרויס־געלאָזט אַ חיבט ביכלעך קאָאָפּעראַטיווע ליטעראַטור אין אידיש, גי־שיקט רעדנערס, אַרויסגעשיקט אַ ספּעציעלען אָרגאַניזער (דעם שרייבער פון די דאָזיגע צייל[ען]) איבער'ן לאַנד, און אז. וו. אין דער לעצט[ער] אידישער קאָאָפּעראַטיווער קאָנווענשאָן האָבען זיך באַטייליגט 36 אי־דישע קאָאָפּעראַטיווען, אחוץ פראַטערנאַל אָרגאַניזאַציעס. בקיצור די אידישע קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג וואַקסט לאַנגזאַם, אָבער זיכ[ער]...

---

## ב ר ו נ ג ז ' ע

י. ד. שיניאַס.

(אַ בילד פון קינדער לעבען).

דעם פיער יאָהריגען סעמעלע איז דערעסען געוואָרען צו זיצען ביי דער מוטער אויפ'ן שוים און צוזוקען ווי די גרעסערע קינדער פאַר איהם שפּיעלען זיך אויפ'ן גאַס, און זיך געריסען פון דער מוטערס שוים.

אָבער די מוטער האָט איהם ניט געלאָזען, ניט געוואָלט אַז די גאַס מיט די קינדער זאָלען האָבען אויף איהם אַ ווירקונג.

דאָ זיץ !

סעמעלע האָט געמאַכט אַ זויערען פּנים, ברונגז'דיג זיך גע־שפּיעלט מיט די פינגער און מורא געהאַט זיך ווייטער צו רייסען. און זיין יונג הערצעל האָט געצויגען צו די קינדער מיט קנאה. ערשט שפּעטער, ווען די שכנה, מיסעס גאָלד, איז אַראָפּגעקומען פאַר'ן הויז מיט איהר פיער יאָהריגער ענעלע, האָט די מוטער איהם אָפּגעלאָזט פון שוים, נאָר מיט דעם באַדינג זיך צו שפּיעלען מיט ענעלען.

ענעלע איז געווען אַ שטיל קינד, מיט אַ בלאַס פּנים'ל און גאָלד צואוואָרפענע לאָקען. זי האָט מיטגעבראַכט פון הויז איהרע שפּיעל־זאַכען. סעמעלע האָט עס מיט אַמאָל, כמעט אין גאַנצען, ביי איהר איבערגענומען, זיך אוועקגעזעצט מיט איהר אויפ'ן טראָטואַר זיך שפּיעלען.

— אין וואָס דו שפּיעלסט ? — האָט ענעלע געפרעגט סעמעלע'ן.

— אין טאַטע ־ מאַמע.

ענעלע האָט זיך פאַרטראַכט, אַ ווײַלע ווי נאָכגעקלערט און איינגעווענדעט :

— ניט אין טאַטע ־ מאַמע !

— אין טאַטע ־ מאַמע ! — האָט סעמעלע זיך געהאַלטען ביי דאָס זייניגע, און גענומען אויפשטעלען דאָס טישעלע מיט די טעלערלעך, און דאָס בלעכערנע איוועלע מיט די טעפּלאַך.

— איך וויל ניט אין טאַטע־מאַמע ! — האָט ענעלע ווי־דערגעשפּעניגט איהם.

— פאַרוואָס דו ניט ווילסט אין טאַטע־מאַמע ?

— דו מיך שלאָגען.

— איך דיך ניט שלאָגען.

— דו ניט וועלען אויפשטעהן צו דער ארביים. איך [ד]י וועקען.

— איך אויפשטעהן עסען ברעקפעסט, דיר געבען אַ קוש, די בייבי געבען אַ קוש, זאָגען גוד ביי — געהען אין שאָפּ.

— דו שפּיעלען אין קאָרדס.

— איך נ י ט שפּיעלען אין קאָרדס.

ענעלע האָט זיך געלאָזט איבעררעדען, זיך גענומען אָנשי[ק]טען זאַמד אין די טעפּעלאַך, אַרויפשטעלען אויפ'ן איוועלע קאָ[כ]ען סאַפּער.

סעמעלע האָט גענומען אַ שטיקעל פּאַפּיר, זיך אוועקגע[ז]עצט לעזען און באַלד גענומען שרייען : מיך הונגערט !

ענעלען האָט גענומען דערלאַנגען עסען.

— ניט גוט געקאָכט ! — האָט סעמעלע זיך געמאַכט און צופרידען.

— טו עס ניט ! — איז ענעלע בייז געוואָרען.

— איך ניט עסען, — און אוועקגעשאַרט פון זיך [ד]ע טעלער.

— דו אַ שלעכטער טאַטע ! — איז ענעלע בייז געוואָרען צוזאַמענגענומען די זאַכען און מעהר זיך ניט געוואָלט מי[ט] איהם שפּיעלען. זי האָט זיך גענומען אַליין שפּיעלען, פאַר זי[ך]

סעמעלע איז געשטאַנען, צוגעקוקט ווי זי שפּיעלט זיך אַלי[ין] און געוואָלט איהר אַ רייץ טאָן.

— דו ניט האָבען געלד צו קויפען !

ענעלע האָט דערזעהן דעם קליינעם צוויי יאָהריגען בענעלע אַזוי שפּיעלט זי זיך קיינמאָל ניט מיט איהם ; ער איז שמוצי[ג] נאָר יעצט, כדי צו רייצען זיך מיט סעמעלען, האָט זי איהם צ[ו] גערופען שפּיעלען.

— איך שוין האָבען צו קויפען — האָט זי זיך גערייצט מי[ט] סעמעלע'ן. סעמעלע האָט פאַר פאַרדרוס אַ שטורקע געט[אָן] מיט'ן פיסעל דעם איוועלע און אַלץ צושיט.

— בעד באָי ! — האָט ענעלע געקרענקט אויסגערופען.

דאַרויף האָט סעמעלע געענטפערט מיט אַ שטויס [אַ]

טישעל.

ענעלע האָט אַ כאַפּ געטאָן אַ הענטעל זאַמד, אויף איהם אַ …רף געטאָן, פאַר וועלכען סעמעלע האָט אַריינגעלאָזט זיין …נטעל אין איהרע האָר.

ענעלע האָט־זיך צואוויינט, נים אַזוי פון וועהטאָג, ווי פון …לײדיגונג, פון דעם ניט געלונגענעם שפּיעל אין טאַטע־מאַמע. …געלעס מוטער איז אַנגעלאָפען, אַנגעפּאַטשט סעמעלע'ן די …ענטלאַך און סעמעלע איז אַוועק צו זיין מוטער מיט אַ געוויין.

ווי צוויי אַנגעבלאָזענע הינער צום קריעג זיינען ביידע מו־…טערס שטום געשטאַנען. אָבער באַלד האָבען זיי זיך גענומען צו־…פערטלען, אויפגעוואָרפען זיך וואָס אין דער קאָרט און ברוגז …יך פאַרנאַנדערגעגאַנגען יעדע מיטנעמענדיג מיט זיך איהר קינד.

ביי ביידע זייטען פון הויז זיינען געשטאַנען די שכנים …רוגז'ע, די קינדער האַלטענדיג זיך ביי דער זייט און זוכענדיג …ין געדאַנק עפּעס אַ שטאַרקע זאַך צו זאָגען דעם צווייטען עס …אַל איהם טרעפען טיעף.

סעמעלע האָט זיך אַ ביסעל אַרויסגערוקט פון דער זייט, …און די מוטער האָט איהם געהאַלטען און געכאַפּט אַ בליק צו …געלעס זייט. ביידע קינדער האָבען זיך באַגעגענט מיט די בלי־…קע: צו ערשט אַ ווײלע ברוגז זיך איבערגעקוקט און ציביסלאַך …זיינען ביידענס בליקען ווייכער געוואָרען. אין אַ ווײלע אַרום …האָט סעמעלע אָקעגענשטעלט אַ טריט — אַן אָנדייטונג פון שלום …צו ענעלע'ן זאָל עס הייסען. ענעלע איז נאָך אַלץ געשטאַנען אין דערזועלבער פּאָזע. דעמאָלט האָט סעמעלע אַ מאַך געטאָן צו איהר מיט'ן קאָפּ — עס הייסט: אַ נייער פאַרשלאַג צו שלום און דערביי געמאַכט נאָך אַ טריט. אָבער ענעלע'ס פּאָזע האָט איהם צוריקגעהאַלטען פון ווייטער געהן. זי וויל מסתמא ניט — האָט ער פאַרשטאַנען און ער האָט זיך אויף אַ ווײלע צוריקגעצויגען; געשטאַנען אַ מינוט, געקוקט צו איהר מיט אַ ווייכערען בליק און געמאַכט אַ קליינעם טריט פון די מוטער צו איהר.

אַ נייער שלום פאַרשלאַג, הייסט עס.

ענעלע'ס קערפּערל האָט זיך לייכט אַ בויג געטאָן — און סעמעלע האָט געשטעלט נאָך אַ טריט. ענעלע האָט אויך אַרויסגעשטעלט אַ טריט און געבליבען שטעהן, ווי נאָך ניט אין גאַנצען שלום. אָבער אַז סעמעלע האָט געמאַכט עטליכע טריט צו איהר זייט איז זי ערשט אַרויס און זיך נאָהענט באַגעגענט.

— ד אַ זאָלסטו שטעהן, צו אַלדע טייוועל! — איז ענעלע'ס מוטער צו און איהר אַוועקגעשלעפּט, געבענדיג איהר עטליכע לייכטע קלעפּ.

— ד אַ, דאַ שטעה רוח, וואוהין קריכסטו? זיינען דיר שוין אָפּגעגאַנגען די הענד פון די פּעטש פון די קצב'ישע לאַפּעס? — האָט די מוטער סעמעלע'ן געטרייסעלט.

און מיט אויסגעקרימטע פּנים'לאַך צו די ברוגז'ע מוטערס צו זעהן אויב זיי קוקען, האָבען זיך סעמעלע מיט ענעלע בגנבה אַדורכגעוואָרפען מיט איבערגעבעטענע חבר'שע בליקען.

# די ציינער און זייער שייכות צו קערפּערליכע קראַנקהייטען

דר. ב. רובינשטיין.

…עס איז ניטאָ קיין איינציגער טייל אָדער אָרגאַן אין מענש־…כען קערפּער, וועלכער ווערט אַזוי אָפט קראַנק, און וועלכער …פאַראורזאַכט אַזוי פיעל קערפּערליכע קראַנקהייטען און פאַר־…דאַרבונגען ווי די ציינער און די יאַסלעס. פון דער צווייטער זייט …ידער איז ניטאָ קיין איין טייל אָדער אָרגאַן אין מענשליכען …קערפּער, וועלכער ווערט אַזוי פיעל פאַרנאַכלעסיגט פון אַלעמען …י די ציינער און די יאַסלעס.

דער וועלט־באַריהמטער פּראָפעסאָר וויליאם אָסלער זאָגט: …גס איז ניטאָ קיין איינציגע זאַך וויכטיגער אין אַלגעמיינע …היגיענע ווי די היגיענע פון מויל. אויב מען וואָלט מיר פרעגען …יב מעהר קערפּערליכע פאַרדאַרבונג איז פאַראורזאַכט געוואָרען …דורך אַלקאָהאָל אָדער פאַרדאָרבענע ציינער, וואָל איך גאָר ניט …ערענדיג גלייך געענטפערט אַז פאַרדאָרבענע ציינער".

דער ניו יאָרקער סטייט געזונדהייטס דעפּאַרטמענט אין …יינע פון זיינע מאָנאַטליכע בולעטינס, וועלכע ער גיט אַרויס …פאַר'ן פּאַבליק זאָגט דאָס פאָלגענדע: „עס איז לעצטענס אויפ־…געקליבען געוואָרען אומבאַשטרייטבאַרע באַווייזע צו איבערצייג…ען, אַז די ריכטיגע אויפפּאַסונג אויף די ציינער איז אַ פיעל וויכ־…טיגערער פאַקטאָר אין אַלגעמיינער היגיענע, ווי מען האָט עס …ביז עס איז אַ פריהער געדענקט.

„אַלע, נאַטירליך, אַנערקענען אַז צופוילטקייט פון ציינער …איז ניט ריכטיג פאַרהאַלטען אין צייט פיהרט צו שרעקליכע …ליידען און נערוועזע אנשטרענגונג, און לייגט אַרויף אַן אומנאַ־…טירליכע משא אויף די פאַרדייאונגס אָרגאַנען, אַלס אַ רעזולטאַט …פון ניט ריכטיג צוקייען דעם עסען. עס איז יעצט באַשטימט אַז …פּראָפעסער די אויבענדערמאָנטע אויגענשיינליכע סכנות, מוזען מיר …אויך רעכענען מיט דעם פאַקט אַז צופוילטע ציינער און קראַנקע …יאַסלעס אין גומען, שטעלען צו די בעסטע פּלעצער פאַר אויפ־…האַלטען און מעהרען זיך פון קראַנקהייט ברענגענדע באַקטעריען. …אַלע פון אונערקלערבאַרע פעלע פון כראָנישע פאַר'סם'ונג דורך …באַקטעריען זיינען אויסגעפונען געוואָרען צו זיין פאַראורזאַכט …דורך קראַנקע ציינער און קראַנקען מויל. דיזע אינפעקשאָנס זיינען …אַלע מאָל די אורזאַכע פון סעריעזע האַרץ, אַרטעריען, און נירען …קראַנקהייטען, ניט זעלטען אויסלאָזענדיג זיך מיט טויט". (זעה …נ 295 מאָנאַטליכע בולעטין פון ניו יאָרק סטייט געזונדהייטס …דעפּאַרטמענט, אָקטאָבער 1915).

די לעצטע צייטען פּאַסירט ניט זעלטען אַז אַ פּאַציענט …זאָגט מיר „איז עס אמת אַז פון שלעכטע ציינער קריגט מען אַ …קראַנקע האַרץ, רהומאַטיזם, אַ שלעכטען מאָגען, א. ז. וו.„. אָדער …אַז איהר געהערט, דאָקטאָר, אַז מיינער אַ פריינד האָט וועה־…טאָגען אין די קניע, איז ער געגאַנגען צו אַ דאָקטאָר, אָדער אין …האָספּיטאַל, האָט מען איהם געשיקט צו אַ דענטיסט. אַ …ווייפלענדער פּאַציענט זאָגט עס נאָך אין אַ סאַרקאַסטישען טאָן, …מיינענדיג אַז ער איז אַ חכם. אַנדערע לייגען נאָך צו, וואָס …האָט די קניע צו טאָן מיט די ציינער? ווען איך פאַרזיכער זיי, אַז …ווי איז עס, וואונדערט עס זיי שטאַרק.

ווען איך בין געווען אַ סטודענט האָט מען מיר מיט נאָך אַנדערע סטודענטען געשיקט צו דיזעקטען טויטע קערפּער'ס אין בעלוויאו מעדיקאַל קאַלעדזש. צושניידען הענד, פיס און בייכער פאַר דריי שטונדען יעדען טאָג. האָט עס אונז ניט גאָר „געשמעקט". מיר זיינען געווען פאַרביטערט געגען די פּראָפעסאָרען פאַר צווינגען אונז צו טאָן אַן אַרבייט וועלכע האָט וואַרשיינליך גאָרניט צו טאָן מיט אונזער סטודיום פון דענטיסטרי. איינמאָל קומט צו אונז אונזער פּראָפעסאָר פון אַנאַטאָמיע און פרעגט יעדען סטודענט ווי אַזוי ער געהט אָן מיט זיין אַרבייט. איין סטודענט וועלכער האָט שוין געאַרבייט צוויי וואָכען ביי אַ טויטען פוס, האָט דעם פּראָפעסאָר געענטפערט, ווועל פּראָפעסאָר, איך אַרבייט שוין צוויי וואָכען אויף דעם פוס און האָב נאָך דערווייל קיין איין צאָהן ניט געפונען". דער פּראָפעסאָר, אַ גוטמוטיגער אַלטער וויסענשאַפטסמאַן, האָט גענומען דעם שפּאַס גוטמוטיג און געענטפערט: „געה אָן מיט דיין אַרבייט לאַנג גענוג וועסטו אויסגעפינען די שייכות פון די ציינער מיט דיזען פוס וואָס דו שניידסט". און דער פּראָפעסאָר איז געווען גערעכט. דער מענשליכער קערפּער איז איין גאַנצער אָרגאַן. עס איז אַזוי וואונדערבאַר צוזאַמענגעשטעלט אַז מען קען ניט טאָן קיין שאַדען איין טייל פון מענשליכען קערפּער ניט צו שעדיגען די אַלע איבריגע טיילען. די מעדיצינישע וויסענשאַפט געפינט יעצט אויס אַלע טאָג אַלץ נייע קראַנקהייטען וועלכע ווערען פאַראורזאַכט דורך שלעכטע ציינער. דר. מעיאָ, דער באַריהמטער כירורג פון ראָטשעסטער, מינעסאָטאַ, אין זיינעם אַ סטייטמענט האָט באַהויפּטעט אַז צום ווענינגסטען אַכטציג פּראָצענט פון פאַרשידענע אינערליכע קראַנקהייטען קומען דורך שלעכטע ציינער און קראַנקע גאָמס. אַ באַוואוסטער פּראָפעסאָר פון לאָנדאָן האָט אונטערזוכט אַריבער דרייצעהן טויזענד קראַנקע פון דער שרעקליכער קראַנקהייט ראַק (קאַנסער), און האָט אויסגעפונען אַז מעהר ווי צוועלף טויזענד פינף הונדערט פון דיזע ליידענדע, דאָס הייסט, כמעט זיבען און נײנציג פּראָצענט, האָבען געליטען פון אַ געוויסע קראַנקהייט פון די יאַסלעס, די קראַנקהייט וואָס מען רופט „פּייאָרריהאַ". ער איבערצייגט אַז „פּייאָרריהאַ" איז די דירעקטע אורזאַכע פון קאַנסער אויף דעם מאָגען און די געדערים. זיין טעאָריע איז אַ גאַנץ איינפאַכע, נעמליך: „פּייאָרריהאַ" איז אַ קראַנקהייט וואו די יאַסלעס, אָדער צאָהן פלייש זיינען ענטצינדען און לויז, און מאַטעריע געפינט זיך דאָרט שטענדיג. עס זיינען דאָרט פאַראַן גאַנצע „קעשענעס" אַרום יעדען צאָהן אָנגעפילט מיט מאַטעריע. ביי יעדען לייכטען דריק אויפ'ן צאָהן געהט אַרויס מאַטעריע. די מאַטעריע ווערט אַראָפּגעשלונגען מיט יעטווידער ביסען. דיזע מאַטעריע איז ניט מעהר און ניט ווייניגער ווי אַ קאָמפּאַקטע מאַסע פון קראַנקהייט ברענגענדע באַצילען. דיזע באַקטעריען אַטאַקירען דעם מאָגען און די געדערים, און פריהער אָדער שפּעטער ווערען זיי האָבען ערפאָלג, אַזוי אַרום קומט דערפון אַ קאַנסער. נאַטירליך דאָס מיינט נאָך ניט, אַז יעדער וועלכער האָט „פּייאָרריהאַ" מוז אויך קריגען אַ ראַק אויף די געדערים. די אינוועניגסטע הייטעל די „מיוקאָס מעמבריין" וועלכע דינט אַלס אַ ליינינג אין מאָגען און געדערים איז ניט אַזוי



# עפּעס וועגען אונזער טעאַטער

פון זישא לאַנדוי



אין דער גאַנצער אויפנאַמע, וואָס מאדאם זשעני וואַליער האָט געקראָגען פון אונזער פּרעסע און אונזער פּובליקום, ליגט פיעל באַליידיגענדעס פאַר אונז, פיעל ערנידעריגענדעס.

א גאַנץ באַגאַבטע, מענליך — טאַלאַנטפול, אפשר א גאַנץ טאַלאַנטפולע קריסטליכע, דייטשע שוישפּיעלערין, מאדאַם זשעני וואַליער, האָט צוליעב דעם, וואָס זי האָט ניט וואו צו שפּיעלען דעם סעזאָן דייטש טעאַטער אָדער צוליעב אנדערע עהנליכע אורזאַכען, באַשלאָסען צו שפּילען אידיש טעאַטער.

זי איז אַנגאַזשירט געוואָרען פון מאָרים שווארץ אין זיין אירווינג פּליים טעאַטער. איהר ערשטער אויפטריט איז געווען א קאָלאָסאַלער ערפאָלג. דער עולם און די פּרעסע זיינען געבליבען פּאַרגאַפּטע. עפּעס אַזוינס האָבען זיי נאָך ניט געזעהן. מען האָט זי אָנגערופען א שטערן, א פּלאַנעט, געלויבט איהר אידיש און ניט פאַרשטאַנען, אז די באַגייסטערונג פאַר איהר קומט ניט אַזוי פון איהר טאַלאַנט (מאַדאַם וואַליער האָט פיין, עלעגאַנט געשפּילט איהר ראָלע אין „די טענצערין“, אָבער דאָס האָט ניט צו טאָן מיט אונזער ענין) ווי פון אונזער אָרימקייט, פון דער אָפּגעשטאַנענקייט פון אונזער ביהנע, וואָס איז נאָך די אַלע געשרייען פאָרט געבליבען אונזער „אַלטע, גוטע אידישע ביהנע“, וואָס קען זיך אַלץ ניט ארויסרייסען פון די ענגע ראַמען פון וועלכע זי געפינט זיך, ניט קוקענדיג אויף די אַלע לאַטעס וואָס זיינען לעצטענס אויף איהר ארויסגעלייגט געוואָרען מיט גרויס התמדה.

מען איז ענטציקט געוואָרען פון איהר פיינעם אידיש. מאַדאַם וואַליער רעדט אָבער פאָרט קיין אידיש ניט, זי רעדט דייטש, כאָטש איינינע ווערטער רעדט זי גאַנץ קוריאָז ארויס, עפּעס עהנליך צו דעם, ווי מיר רעדען די ווערטער. מיר זיינען אָבער אין אמת'ן, ניט וויסענדיג עס אַליין, ענטציקט געוואָרען ניט פון איהר אידיש, נאָר פון איהר דייטש. ריכטיגער פון דעם, וואָס אויף דער אידישער ביהנע שטעהט אַן אַקטריסע און רעדט א שפּראַך, א מענשליכע. אין יענעם אַנשטענדיגען אידישען אויער וועט א פיינער דייטש, ענגליש, פראַנצויזיש קלינגען אַלץ נעהנטער, היימישער, ווי יענער לשון דאָרט, וואָס ווערט גערעדט אויף אונזער ביהנע. דאָס איז דאָך קיין לשון ניט, זיכער ניט אונזער אידישע שפּראַך.

מאַדאַם וואַליער שפּילט פיין, גאַנץ נעט, יעדענפאַלס קען מען פיעל ניט זאָגען וועגען איהר זעהענדיג זי בלויז אלס לאלא אין דער „טענצערין“, ווי מען קען קיין בעשטימטעס ניט זאָגען וועגען אַן עלטערער אידישער אַקטריסע, וואָס מען האָט בלויז געזעהן אין א מוטער ראָלע. אונז אַליין פעהלט גאָט צו דאנק ניט קיין טאַלאַנטפולע אַקטריסעס; עס איז ניט געוועזן מאדאם וואַליער'ס טאַלאַנט, וואָס האָט אונז איმפּאָנירט, נאָר איהרע מאַנירען, איהרע פיינע זשעסטען, איהר שעהנע שפּראַך. ריכטיגער, וואָס אויף אונזער ביהנע פעהלען פיינע מאַנירען, זשעסטען, א פיינע שפּראַך.

אונז פעהלט אויסערליכעס. דאָס טיפע, דאָס אמת'ע וועט מיט דער צייט קומען, אָבער דערווייל ווערט מען דערשטיקט אין דער אידישער סביבה. ווידער שמערלען און בערלען און יענטעס און דוואָשעס און פיהרט מען ארויף א קריסט, אָדער אַזוי א מענש פון דער העכערער געזעלשאַפט, איז עס א קאַריקאַטור.

איינענטליך איז דאָס זעלבע אויך מיט אונזער ליטעראַטור. נאָך די אַלע געשרייען וועגען רענעסאַנס זיינען מיר אַלץ א שטעטעל-ליטעראַטור און שרייבען מיר וועגען דער העכערער געזעלשאַפט האָט עס א פּנים פון חוזק.

און מאַניען מוז מען האָבען. זיצט מען אין טעאַטער וויל מען אז די אַקטריסע, אָדער אַקטיאָר זאָלען געהן שעהן, עסען שעהן, רעדען שעהן, פיהלסט זיך עפּעס היימישער.

מאַדאַם וואַליער האָט דאָס אַלץ געגעבען און דערפאַר האָט זי באַקומען אַזאַ בייפאַל; אמת, פון דער פּרעסע וועניגער ווי פון פּובליקום, די פּרעסע וועגט, מעסט, אָבער דאָס פּובליקום איז פריינגיביג, וויל נישט מעסטען, וועגען. אַלץ אויפ'ן האָר באַשטימען.

מיר קומען צו א שטילשטאַנד אין אידישען טעאַטער. מיר האָבען שוין פון אַלץ פאַרזוכט צו ביסלעך און מיט קיין זאַך זיך ניט אָנגעגעסען צו זאַט. אויסערליך האָבען מיר לעצטענס געהאַט פיעל סענסאַציעס, דורכנעהענדע, פאַרביילויפענדע, איינענטליך פאַרשפּעטינגטע. אַן און פאַר זיך זיינען זיי געווען פון גאַנץ קליינער באַדייטונג, זיי האָבען געהאַט בלויז אויף אַזוי פיעל א ווערט, אויף וויפיעל זיי האָבען אונז ד ע ר צ ע ה ל ט וועגען אנדערע וועלטען און דערביי איז עס געבליבען. מיר האָבען זיך ניט איינגעלעבט אין זיי, נאָר געזעהן זיי.

מאַדאַם וואַליער איז געווען די ערשטע, וואָס האָט ניט אימיטירט, נאָר געגעבען א טענצערין, ווי זי איז, עפּעס נאַטירליכעס האָט זי געגעבען, און ניט, ווי עס איז געווען דער פאַל ביי אונז ביז איצט, ווען עס זיינען געשטעלט געוואָרען פרעמדע פּיעסען, עפּעס פרעמדעס, ניט איבערגעלעבטעס.

אז מיר זיינען געקומען צו א שטילשטאַנד אין אונזער טעאַטער קען דינען דער פאַקט, ווי עס איז דעם יאָהר אויפגענומען געוואָרען פּרץ הירשביין'ס פּיעסע אין נייעם טעאַטער, ווי זיינע פּיעסען זיינען לעצטען סיזאָן אויפגענומען געוואָרען אין אירווינג פּליים טעאַטער. פאַר-יאָהרען זיינען זיי איבערשעצט און דעם יאָהר אונטערשעצט געוואָרען. ריכטיגער, האָט די פּיעסע געקראָגען א אמת'ע אָפּשאַצונג דעם יאָהר אין דער צייט, וואָס לעצטען יאָהר זיינען זיי איבערשעצט געוואָרען. א טייל פון דער באַגייסטערונג לעצטען יאָהר איז געקומען דערפון, וואָס זיי זיינען געווען עפּעס נייעס אין אונזער וועלטעל, דערפאַר האָט מען ניט באַמערקט די פעהלערען. דעם יאָהר איז שוין קיין איבערראַשונג ניט געווען פּרץ הירשביין, און דער ביסעל קאַלטער געפיהל וואָס עס פיהלט זיך צום „נייעם אידישען טעאַטער“ קומט דערפון, וואָס זיי האָבען ניט פאַרשטאַנען, אז געהן דעם יאָהר פונקט אויף דעם זעלבען וועג, וואָס שוואַרץ איז געגאַנגען לעצטען יאָהר, וועט קיין גרויסע שטימונג אַרום דעם טעאַטער ניט מאַכען, און דאָס איינענטליך איז דאָס וויכטיגסטע וואָס א ניי טעאַטער, וואָס פּרעטענדירט אויף נ י י ע ס דאַרף באַשאַפען אַרום זיך.

מיר האָבען געהאַט נענוג פּראָבען, מיר דאַרפען איצט תּוך וועלען מיר עס קריגען ? עס איז א צווייפעל. מיר קענען עס קריגען בלויז ווען צו דעם טעאַטער וועלען צוקומען נייע, פרישערע כוחות. פאַרשטעהט זיך, די וואָס מיר האָבען קען מען אויסניצען, מיר האָבען פיעלע טאַלאַנטפולע אַקטיאָרען און אַקטריסעס, אָבער א נייעם טאָן, קענען געבען נייע מענשען, וואָס זיינען צופיעל אין באַריהרונג ניט געקומען מיט אונזער אַלטער ביהנע.

עס איז דאָך פּונקט אַזוי געווען מיט אונזער ליטעראַטור. יעדער נייער דור שריפטשטעלער האָט אריינגעבראַכט מיט זיך נייעס, וואָס דער עלטערער דור איז עס ניט געווען אימשטאַנד צו טאָן. דאָ איז ניט קיין פראַגע וועגען טאַלאַנט. דאָס טעאַטער, די ליטעראַטור, פאָדערט נייעס און דאָס קענען נאָר געבען נייע קרעפטען.

לאַטעס העלפען ניט פיעל.

---

איהר זויט נישט קיין בירגער און צוליעב אייך אייער פרוי אויך ניט קיין בירגער. זייגען ווירקליך ביי אייך אַזוי ביליג צוויי שטימען פאַר דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי?

---

עדעל. די נאַטור ווייס וואָס פאַר חזיר'יי מען פּאַקט אריין אין מאָגען, אום ניט צו קענען פאַרטראָגען די מאַטעריע וואָס קומט אַמאָל אריין. אויך איז דאָ אין מאָגען א גוטער געגען-גיפט. איינע פון די בעסטע דיזינפעקטאַנטס „הידראַקלאַריק עסיד“ וועלכע טויטעט אַלע באַקטעריען, וועלכע קומען אריין אין מאָגען. אָבער עס איז גאַנץ וואַרשיינליך אַז פיעלע פון קאַנסער-פעלע, אָדער געשווירען אויף דעם מאָגען און געדערים קומען פון „פּיאָרריהאַ“ אָדער געשווירען אַרום די וואָרצלען פון די ציינער.

דער מאָגען און די געדערים ליידען דירעקט פון מויל קראַנקהייטען, ווייל אַלעס וואָס געהט אריין אין מאָגען און די געדערים דאַרפען דורכגעהן דורך'ן מויל. און ווען עס זיינען דאָ קראַנקהייט ברענגענדע באַקטעריען אין מויל, געהען זיי מיט מיט יעדען ביסען וואָס מען שלינגט אַרונטער. אויך ווען די ציינער זיינען ניט אין קיין געזונדען צושטאַנד זיינען זיי ניט אימשטאַנדע צו צוקייען דעם עסען ווי געהעריג איז. דאָס ברענגט מיט אַז דער מאָגען און די קישקעס זאָלען דאַרפען ארבייטען „אָווערטיים“ אויפ'ן פאַרדייהונג פון די שפּייז. און איהר דאַרפט וויסען אַז די מענשליכע געדערים זיינען ניט קיין „סקעבס“, זיי זיינען גוט אָרגאַניזירט, און אויב מען לייגט אויף זיי ארויף מעהר ארבייט וויפיעל זיי זיינען נאָרמאַל מחויב צו טאָן „סטרייקען“ זיי. און אַז אָך און וועה איז צום גאַנצען סיסטעם, אַז די וויכטיגע אָרגאַנען אָדער טיילען „סטרייקען“.

# זיצונגען פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע א. ר.

דער רעגולאַר מאָנאַטליכער מיטינג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע פון ארבייטער רינג ווערט ערעפענט זונטאג, דעם 5טען אָקטאָבער, אום 10.30 פריה, מיט פריינד אב. עפשטיין אלס משערמאַן.

## צושריפטען.

פון בר. 348, לינקאָלן, נעב. — פארלאנגען א פארטרעטער צו זייער 10־יעהריגען יובילעאום, וואָס וועט געפייערט ווערען זונטאג, דעם 19טען אָקטאָבער. עס ווערט באַשלאָסען צו שיקען צו זיי אַ באַגריסונגס־טעלעגראַמע.

פון בר. 79, קליוולאנד, אָהייאָ. — בעטען, אויב מעגליך, צו שיקען אַ רעדנער צו זייער 15טען יעהרליכען יובילעאום, דעם 26טען אָקטאָבער. באַשלאָסען צו באַגריסען זיי דורך אַ טעלעגראַמע.

פון די פיפלס רעליעף. — לאָזען וויסען, אַז דער ארבייטער רינג איז באַרעכטיגט צו זיין פארטראָטען דורך 15 דעלעגאַטען ביי דער קאָנווענשאָן פון די פיפלס רעליעף. זיי בעטען אויך צו לאָזען וויסען, אַזוי שנעל ווי מעגליך, די נעמען פון די דעלעגאַטען.

עס ווערט באַשלאָסען, אַז 5 דעלעגאַטען זאָלען זיין פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו און די איבעריגע צעהן זאָלען זיין מיטגליעדער פון דער נעשאָנעל באָארד אָוו דירעקטאָרס, צו רעפרעזענטירען די איבעריגע מיטגליעדערשאַפט אין די פארשיידענע סטייטס. עס ווערט איבערגעגעבען צו דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע צו באַשטימען וועלכע דירעקטאָרען זאָלען זיין פארטראָטען און אָנפרעגען ביי זיי, אויב זיי נעמען אָן אלס דעלעגאַטען. אלס פארטרעטער פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו ווערען ערוועהלט פריינדע באַסקין, עפשטיין, דיבערשטיין, יודיטש, פערלאָוויץ. פר. עפשטיין ציהט זיך צוריק און פר. אייבראַמס, דער סאָבסטיטוט, ווערט באַשטימט צו זיין פארטראָטען.

פון ניו היווען דיסטריקט קאָמיטע. — שיקען צו אַ רעזאָלוציע, אין וועלכער זיי אונטערשטיצען די עקזעקוטיוו קאָמיטע אין דער האַנדלונג וואָס זי האָט גענומען אין באַצוג די לעצטע פאסירונגען אין קאַנאַטאריום.

אַן עהנליכע רעזאָלוציע ווערט אויך פאָרגעלעזען פון דער פעטערסאָנער דיסטריקט קאָמיטע. דיעזע רעזאָלוציע איז אָנגענומען געוואָרען ביי אַ ספעציעלער קאָנפערענץ, פאררופען פון א. ר. ברענטשעס אין פעטערסאָן און פאסייק טעריטאָריע.

פון מאָררים הילקווים. — באַדאַנקט פאַר די באַגריסונג, וואָס מען האָט איהם געשיקט צו זיין 50־יעהריגען יובילעאום, און דריקט אויס די האָפנונג, אַז ער וועט אין גיכען זיך ווידער קענען נעמען פאַר אַקטיוויטעט אין דער סאָציאַליסטישער און ארבייטער באַוועגונג. עס ווערט באַשלאָסען דעם בריעף צו פיילען.

פון דער קייט אָ'הייר קאָמיטע אין ניו יאָרק. — בעטען צו שיקען צו פרעזידענט ווילסאָן און צום קאָנגרעס טעלעגראַמען, אין וועלכע ס'זאָל אויפגעפאָדערט ווערען צו באַפרייען געגאָסין קייט ריטשאַרד אָ'הייר צוזאַמען מיט די אַנדערע פּאָליטישע אַרעסטירטע. באַשלאָסען האַנדלען נאָכדעם ווי אונזער פארטרעטער וועט באַריכטען פון דער פרייהייטס־קאָנווענשאָן.

פון בר. 322, ניו יאָרק. — לאַדען איין צו שיקען צוויי פארטרעטער צו זייער 10־יעהריגען יובילעאום, וואָס וועט שטאַטפינדען דעם 18טען אָקטאָבער. עס ווערען ערוועהלט פריינדע יאַקאָבי און הויפערלינג.

פון בר. 198. — בעטען צו שיקען אַ פארטרעטער צו דער ערעפענונג פון זייער אייגען הויז, אראנזשירט אויף זונטאג, דעם 12טען אָקטאָבער. ערוועהלט פר. פערלשטיין.

## קאָמיטעס.

פון בר. 333, ניו יאָרק. — לאַדען איין צוויי פארטרעטער צו זייער באַנקעט, אראנזשירט לכבוד דעם יובילעאום פון ברענטש. — ערוועהלט פר. קרינסקי.

פון די פאראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען. — בעטען די אַדרעסען פון די ברענטשעס צו וועמען זיי ווילען אַרויסשיקען אַן אַפיעל צו שטיצען די סטרייקענדע שענדעליר ארבייטער. אויך פאַר־לאַנגען זיי, אַז די נאַצ. עקזעקוטיוו זאָל דורך דער פרעסע אינדאָרסירען זייער אַפיעל. באַשלאָסען צו באַוויליגען.

פון „די פרייע ארבייטער שטימע". — בעטען צו העלפען אוועקשטעלען „די פרייע ארבייטער שטימע" אויף אַ געזונטען פינאַנציעלען באָדען, צו איהר 20־יעהריגען יובילעאום, אויך אַרויסשיקען אַן אַפיל וועגען דעם צו די ברענטשעס. עס ווערט באַשטימט צו אינדאָרסירען זייער אַן אַפיעל.

פון בר. 271, ניו יאָרק. — לאַדען איין צוויי פארטרעטער צו זייער 10־יעהריגען יובילעאום, דעם 18טען אָקטאָבער. — ערוועהלט פריינדע קאָהן און קרינסקי.

פון בר. 475, ניו יאָרק. — בעטען צו שיקען צוויי פארטרעטער צום באַנקעט וואָס זיי אראנזשירען לכבוד דעם 10־יעהריגען יובילעאום פון ברענטש. ערוועהלט פריינדע הערשקאָוויץ און שפייער.

פון די נעשאָנעל באָארד אָוו דירעקטאָרס. — פר. אשפיז, סעקרעטער, ערקלערט, אַז ס'זיינען פאראַן איניגע קלאַגעס און אפילס און ער ווייסט ניט צו ער זאָל אראנזשירען פאַר דעם אַ הירינג מיט מיטגליעדער פון דער איצטיגער נאַציאָנאַלער באָארד אָוו דירעקטאָרען אָדער מיט מעמבערס פון דער נייער נעשאָנעל באָארד אָוו דירעקטאָרס, וואָס וועט קירצליך ערוועהלט ווערען.

דער טשערמאַן, פריינד עפשטיין, זאָגט, אַז זיי דאַרפען ניט אראנזשירען קיין הירינג ניט מיט מיטגלידער פון דער יעצטיגער און ניט מיט מעמבערס פון דער קומענדער נעשאָנעל באָארד, ווייל די יעצטיגע וועלען שוין אין יאַנואר 1920 (ווען ס'וועלען אָפּגעהאַלטען ווערען די זיצונגען פון דער נ. ב. ד.) ניט זיין אין אַמט, די ניי־ערוועהלטע, ווידער, וועלען ביז יאַנואר ניט זיין קיין אָפיציעלע פארטרעטער פון דער קערפּערשאַפט. ער ראָט דאַרום ארויסצורופען אַלע אפּילס און קלאַגעס דירעקט צו די זיצונגען פון דער נעשאָנעל באָארד אָוו דירעקטאָרען.

דער טשערמאַן אינסטאַלירט פר. ד. אַלפּערן פון בר. 36 אַלס מיטגליעד פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָם. אויפ'ן פּלאַץ פון פר. אָראַנסאָן.

## באַריכטען.

פר. הערשקאָוויץ באַריכטעט, אַז פר. עבעריל און ער זיינען געוועזן פארטראָטען ביי דער קאָנווענשאָן פון די אידישע קאָאָפּעראַטיווען, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין בראָנזוויל. פון די רעפּאָרטס ביי דער קאָנווענשאָן האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז איבער'ן לאַנד עקזיסטירען 50 קאָאָפּעראַטיווע אָרגאַניזאַציעס. די פראַגע וועגען דער באַציהונג פון די יוניאָנס צו דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג האָט אַרויסגערופען אַ לאַנגע דעבאַטע. עס איז אָנגעדייטעט געוואָרען, אַז די יוניאָנס, מיט וועלכע די קאָאָפּעראַטיווען קומען אין באַריהרונג אין ביזנעס, באַציהען זיך פיינדליך צו דער באַוועגונג אַנשטאָט זי צו אונטערשטיצען. פון דער צווייטער זייט איז באַמערקט געוואָרען, אַז די מיטגליעדער און ברענטשעס פון ארבייטער רינג באַציהען זיך איבעראַל זעהר סימפּאַטיש צו די קאָאָפּעראַטיווע אָרגאַניזאַציעס און אונטערנעמונגען פון אַלע אידישע קאָאָפּעראַטיווען איבער'ן לאַנד, און די פעטערסאָנער קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי דער גרעסטער פינאַנציעלער און במילא שוין אויך מאָראַלער ערפאָלג. — באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

פריינד גאַליעבטער באַריכטעט, אַז ער איז געגאַנגען צו דער קאָנפערענץ, גערופען פון די אַנטי־ראַשען בלאָקייד ליעג, נאָר די קאָנפערענץ איז אין דעם אָנגעגעבענעם האָל ניט אָפּגעהאַלטען געוואָרען.

פר. וואָלאָס באַריכטעט, אַז פר. אַלפּערט און ער זיינען געוועזן ביי בר. 30, פּעטערסאָן, אין באַצוג דעם וואָס זיי ענטזאָגען זיך דורכצופיהרען די ענטשיידונג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו וועגען די מיטגליעדער, וועלכע זיינען באַשטראָפט געוואָרען פאַר ארבייטען מעהר ווי אויף צוויי לומס. ביים מיטינג איז מאָטיווירט געוואָרען, אַז אין דעם בריעף פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו צו די פּעטערסאָנער ברענטשעס וועגען דער אַנגעלעגענהייט איז געוועזן, דאָס מיר רעקאָמענדירען אַרונטערצונעמען די שטראָף פון דיזע מעמבערס, אויב זיי וועלען זיך פאַרפליכטען אין דער צוקונפט ניט צו ארבייטען מעהר, ווי אויף צוויי לומס. און אויב דאָס איז אַ רעקאָמענדיישאָן, האָבען די ברענטשעס אַ רעכט די רעקאָמענדיישאָן ניט אָנצונעמען.

נאָכדעם ווי דער רעפּאָרט פון פר. וואָלאָס ווערט דעבאַטירט, ווערט באַשטימט צו שרייבען צו די באַטרעפענדע פּעטערסאָנער ברענטשעס, דאָס די ענטשיידונג פון דער נאַצ. עקז. וועגען דער פראַגע איז געוועזן אין דעם זין, אַז די שטראָף זאָל פון די מעמבערס אַרונטערגענומען ווערען, אויב זיי וועלען געבען אַ שריפטליכע פאַרפליכטונג צו ארבייטען אין דער צוקונפט ניט מעהר ווי אויף צוויי לומס. די ברענטשעס זאָלען דאַרום אויפגעפאָדערט ווערען דורכצופיהרען די ענטשיידונג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו.

פר. קלופּט באַריכטעט, אַז די רעליעף קאָמיטע גערט אָן מיט דער ארבייט. די איינציגע שטערונג איז דאָס, וואָס ס'איז שווער צו קריגען אין „פאָרווערטס" געגוג פּובליסיטי. די קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו רופען אַ קאָנפערענץ פון ניו יאָרקער ברענטשעס וועגען רעליעף און אויך זעהן פאררופען עהנליכע קאָנפערענצען אין אַנדערע שטעדט. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

עס ווערט באַשלאָסען צו שיקען אַ צושריפט צו די ברענטשעס, אַז די געלדער וואָס זיי קאָלעקטירען פאַר'ן רעליעף פון זייערע שטעדט און שטעדטלעך, זאָלען אויך געשיקט ווערען דורכ'ן דזשענעראל אָפּיס. דער אָפּיס וועט אין אַזעלכע פעלע שיקען אַ טשעק אָדער דירעקט אין דער שטאָדט פאר וועלכער דאָס געלד איז געקליבען געוואָרען, אָדער אויפ'ן נאָמען פון דעם טרעזשורער פון באַטרעפענדען רעליעף פאָנד. אויף אַזאַ אופן וועלען די ברענטשעס גאָרנישט פארלירען אין דער זעלבסטשטענדיגקייט פון זייער ארבייט און מיר וועלען האָבען אַ גענויען רעקאָרד פון דער רעליעף טעטיגקייט פון אונזערע אָרגאַניזאציעס.

---

פר. באַסקין באַריכטעט, אַז מר. עלדרידזש, דער עקטשוערי, איז געוועזען אין ניו יאָרק און מען האָט זיך מיט איהם דורכגערעדט וועגען דער לעגאל ארבייט אין איינגיגע סטייטס, וואו ס'זיינען פאַראַן געוויסע שוועריגקייטען. ביים מיטינג מיט מר. עלדרידזש זיינען אויך געוועזען פריינדע עפּשטיין און ישורון. מר. עלדרידזש האָלט אין אויסארבייטען געוויסע טאַבעלען, און אַזוי שנעל ווי ער וועט זיי האָבען פאָרטיג, וועט דער אָפּיס מאַכען אַפּליקיישאָנס פאר טשאַרטערס אין יענע סטייטס. — באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

---

## סעקרעטער'ס רעפּאָרט.

פריינד באַסקין, דזשענעראל סעקרעטער, באַריכטעט, אַז דיזען קוואַרטאל זיינען אריינגענומען געוואָרען 2893 נייע מעמבערס, עטוואָס ווענינגער ווי לעצטען קוואַרטאל. די צאָהל געשטראָכענע פון דיזען קוואַרטאל איז ארום 1,500, אַביסעל מעהר ווי לעצטען קוואַרטאל. ער גלויבט, אַז דאָס איז, וואַרשיינליך, צוליעב די זומער מאָנאַטען, ווען די ברענטשעס און מיטגלידער זיינען ניט זעהר אַקטיוו.

פאַר דעם רעליעף פאָנד איז איצט דאָ אין אָפּיס $6,777.00.

אין ניו יאָרק איז פאַררופען געוואָרען אַ ספּעציעלע רעליעף קאָנפערענץ פון אַ. ר. ברענטשעס אויף דינסטאג אָוועגד, דעם 14טען אָקטאָבער.

אויף אונזערע רעקאָרדס זיינען נאָך אַלץ פאַראַן ארום 800 געדערפּטעטע. ער רעקאָמענדירט אָפּצושאַפען דעם אַסעסמענט פון 5 סענט צו דעקען די דיוס פון די געדרעפּטעטע, אָנפאַנגענדיג פון'ם 1טען יאַנואַר, 1920, און פון דעם דייט שוין ניט דעקען די דיוס פון די געדרעפּטעטע מעמבערס.

דער „פריינד" פאָנד האָט מיט אַ קורצע צייט צוריק געהאַט אַ סורפּלוס און יעצט האָט ער אַ דעפיציט.

דער סאַניטאַריום אויפהאַלטונגס פאָנד האָט אַ דעפיציט. ער גלויבט, אַז מען דאַרף זעהן, דאָס דער פאָנד זאָל קיין דעפיציט ניט האָבען. ער דענקט, אַז מען וועט, וואַרשיינליך, דאַרפען פאַרגרעסערען דעם אַסעסמענט פאַר דעם פאָנד.

---

עס ווערט באַשלאָסען איבערצוגעבען צו דער סאַניטאַריום קאָמיטע די פראַגע וועגען אויפהאַלטונגס פאָנד און צו דער עדיוקיישאָנעל קאָמיטע די פראַגע וועגען „פריינד" פאָנד. אויך אינסטרואירען ביידע קאָמיטעס, אַז זיי זאָלען זעהן, דאָס די פאָנדס זאָלען קיין דעפיציטען ניט האָבען.

---

עס ווערט באַשלאָסען, אַז פון'ם 1טען יאַנואַר, 1920, זאָל אָפּגעשאַפט ווערען דער אַסעסמענט אויף צו דעקען די דיוס פון די געדרעפּטעטע מיטגלידער און די ברענטשעס זאָלען פון יענעם דייט אָן ניט קרעדיטירט ווערען מיט די דיוס פון זייערע געדרעפּטעטע מעמבערס.

דעם סעקרעטער'ס רעפּאָרט ווערט דאַן גוטגעהייסען.

---

פריינד באַסקין ערקלערט, אַז מיט דער צושטימונג פון די טשערליוט פון די דעפּאַרטמענט קאָמיטעס איז באַשלאָסען געוואָרען צו קויפען טיקעטס פאר די עקז. צום מיטינג פון אַב. קאַהאַן, וואָס ווערט אראַנזשירט לכבוד זיין צוריקקומען פון אייראָפּאַ.

די האַנדלונג ווערט גוטגעהייסען און עס ווערט באַשלאָסען צו האָבען אַ קאָמיטע פון צוויי ביים קבלת פּנים פון אַב. קאַהאַן און שיקען איהם אַ בוקעט בלומען. אַלס קאָמיטע ווערען ערוועהלט פריינדע דינערשטיין און ראָטהמאַן.

---

## רעפּאָרט פון דער אָרגאַניזאַציאָנס-קאָמיטע.

פריינד דינערשטיין, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז די סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס, ווי אויך די ברענטשעס איבער'ן לאַנד האָבען זיך יעצט גענומען ענערגיש פאר דער ארבייט פאר דעם קאַמפּיין צו שאַפען 20 טויזענד מיטגליעדער ביז דער קאָנווענשאָן.

די מאָנטרעאָל דיסטריקט קאָמיטע האָט געדרוקט גרויסע פּראַכטפולע אַפּישען, וואו עס ווערען איבערגעגעבען פאַקטען און ציפערן וועגען ארבייטער רינג, און די אידישע פּראָגרעסיווע באַפעלקערונג ווערט גערופען זיך אָנצושליסען אָן אונזער אָרדען. דיזע אַפּישען איז ביי זיי אויסגעקלעבט געוואָרען איבער'ן גאַנצען שטאָדט.

די פּעטערסאָנער דיסטריקט קאָמיטע האָט געלאָזט וויסען, אַז זיי וועלען זיכער צושטעלען די צאָהל נייע מעמבערס וואָס קומט אויס אויף זייער חלק (דיזען יאָהר אַזוי ווי לעצטען יאָהר איז יעדער סיטי און דיסטריקט קאָמיטע געגעבען געוואָרען אַ „קוואָטאַ" וויפיעל נייע מיטגלידער זיי וועט אויסקומען צוצוקריגען אין פארלויף פון דעם קאַמפּיין). די פּעטערסאָנער דיסטריקט קאָמיטע האַלט אויך אין אָרגאַניזירען אַן ענגליש-שפּרעכענדען ברענטש.

די נייע ערוועהלטע סיטי קאָמיטע פון דעטראָיט האָט באַריכטעט, אַז זייער דיסטריקט קאָנפערענץ האָט מיט באַגייסערונג אויפגענומען דער רוף פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו פאר די קאַמפּיינס פון 20 טויזענד נייע מיטגלידער, און 50 טויזענד דאָלאַר פאר די אידישע מלחמה קרבנות. די דיטראָיט דיסטריקט קאָמיטע האָט זיך גענומען טעטיג פאָר דער ארבייט.

די ניו יאָרק סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, וועמען עס וועט אויסקומען צוציהען די גרעסטע צאָהל נייע מיטגלידער אין פארגלייך ניט די איבעריגע סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס, האָט אויסגעארבייט אַ גאַנצע רייהע פּלענער פאר דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין. זיי וועלען די וואָך פון 8טען נאָוועמבער אָראַנזשירען 2 גרויסע מאַססמיטינגען אין ניו יאָרק און אין ברוקלין; זיי וועלען רופען מיטינגען פון גרופּען ברענטשעס צו סטימולירען די ארבייט; זיי וועלען באַזוכען איינצעלנע ברענטשעס, און זיי וועקען די טעטיגקייט פאר ביידע קאַמפּיינס. די ניו יאָרק סיטי קאָמיטע האָט זיך אויסגעצייכענט אין לעצטען יאָהריגען מעמבערשיפּ קאַמפּיין און זיי וועלען געוויס דיזען יאָהר ניט בלייבען הינטערשטעליג.

די טאָראָנטאָ סיטי קאָמיטע איז טעטיג אין דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין. זיי האָבען לעצטענס אָרגאַניזירט אַ נייעם ברענטש אין וועסט טאָראָנטאָ. זיי האָבען פארלאַנגט אַ פּאַרטרעטער צו דער ערעפענונג פון זייערע שולען, אָבער ס'איז לוידער אונמעגליך געוועזען זייער פארלאַנג צו באַוויליגען.

די אָמאַהאַ דיסטריקט קאָמיטע האָט געמאָלדען אַז זיי מאַכען פאָרבערייטונגען פאר ענערגישע ארבייט אין די מעמבערשיפּ און רעליעף קאַמפּיינס. זיי וועלען באַזוכען די ברענטשעס פון זייער דיסטריקט און וועלען זעהן אויפצולעבען זייער טעטיגקייט.

די נואַרק דיסטריקט קאָמיטע האָט דורך אַ פּאַרטרעטער ערקלערט, אַז זיי דענקען צו האָבען אַ גרויסע אונטערנעמונג, וועלכע זאָל האָבען אַן עדיוקיישאָנעל און אָרגאַניזאַציאָנס כאַראַקטער, און דורך וועלכען זיי ערוואַרטען צוצוקריגען אַ היבשע צאָהל נייע מיטגלידער. נואַרק איז אַלע מאָל געווען אויף דעם ליסט פון די טעטיגסטע דיסטריקט קאָמיטעס, און ס'איז צו ערוואַרטען אַז זיי וועלען דיזען יאָהר צושטעלען זייער „קוואָטאַ". ס'איז באַוויליגט געוואָרען פאר זיי 75 דאָלאַר פאר דער אונטערנעמונג.

פריינד עבעריל איז געוועזען פאָרטראַטען ביי דער פּראָווידענס דיסטריקט קאָנפערענץ. פון די באַריכטען וואָס זיינען אָפּגעגעבען געוואָרען, איז געוועזען קענטיג, אַז די אָרטיגע ברענטשעס האָבען זיך באַטייליגט אין יעדער וויכטיגער טעטיגקייט. זיי האָבען אויך דורכגעפיהרט איינציגע לעקטשורס אין פארלויף פון לעצטען סיזאָן. ברענטש 110 האָט זיך ענטזאָגט צו באַטייליגען אין דער קאָנפערענץ צו נאָמינירען דעלעגאַטען צו דער נאַציאָנאַלער באָאַרד אָון דירעקטאָרס, ווייל זיי האָבען געפאָדערט, אַז די פּאַרטרעטערשאַפט צו דער קאָנפערענץ זאָל זיין די זעלבע לויט דער פאָרטרעטערשאַפט צו קאָנווענשאָנס. פריינד עבעריל האָט זיי אַנגעדייטעט אַז לויט אונזער קאָנסטיטושאָן קען יעדען ברענטש ביי אַזעלכע קאָנפערענצען זיין פאָרטראַטען דורך איין דעלעגאַט, און ס'ווערט געגעבען צו דער עקזעקוטיוו דאָס רעכט די קאָנפערענצען צו אָרגאַניזירען. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז די נאָמינייישאָנס זיינען געמאַכט געוואָרען אָהן ברענטש 110. עס איז אויך דיסקוטירט געוואָרען די סאַניטאַריום פראַגע, און די קאָנפערענץ האָט איינשטימיג אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, וועלכע דריקט אויס צוטרויען צו דער סאַניטאַריום קאָמיטע, און פאָדערט אויף די פּאַציענטען ניט צו מישען זיך אין פאַרוואַלטונגס פראַגען. פריינד באַקסט, פון באָסטאָן, איז אויך געוועזען ביי דער קאָנפערענץ. ער האָט געהאַלטען אַ וואַרימע רעדע, און זיי אויפגעפאָדערט צו נעמען אַן אַקטיווען אַנטייל אין יעדער טעטיגקייט וואָס ווערט אונטערנומען פון ארבייטער רינג. הויפּטזעכליך אין אונזערע צוויי קאַמפּיינס.

אַ געוויסער ברענטש האָט ערקלערט, אַז ביי זיי קומען פאָר רייזעריען צוליעב די רעכטע פון 3טע קלאַס מעמבערס. און זיי האָבען געפרעגט צו דיזע האָבען אַ רעכט צו שטימען אין אַלע פראַגען. ביי זיי איז אַ 3טע קלאַס מעמבערין געוועזען אַ מיטגליעד פון דער לאָקאַלער עקזעקוטיוו, און צוליעב דעם וואָס זי האָט געשטימט אין אַלע פראַגען, זיינען אַרויסגעקומען מיספאַרשטענדניסען און ביטערנעסען. די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציאָנס-קאָמיטע האָט זיי געענטפערט אַז 3טע קלאַס מעמבערס קענען שטימען בלויז אין אַזעלכע פראַגען וואָס זיינען פאַרבונדען מיט די פאָנדס פאר וועלכע זיי צאָהלען; אַז 3טע קלאַס מעמבערס קענען אויך זיין בעאַמטע פון ברענטש, אָבער זיי דאַרפען בלויז ערפילען די פליכטען וואָס זיינען מיט דעם אַמט פאַרבונדען, אָבער די שטים-רעכט בלייבט דיזעלבע ווי פון אַ 3טע קלאַס מעמבער.

פריינד קרינסקי איז געוועזען פאָרטראַטען ביי דעם יובילעאום פון ברענטש 297, ניו יאָרק. עס איז אויך געוועזען אַ פּאָרטרעטער פון דער ניו יאָרק סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע. ביי דער געלעגענהייט איז קאָלעקטירט געוואָרען $60.00 פאר די מלחמה קרבנות. די שטימונג פון דעם באַנקעט איז געוועזן אַ יום טוב'דיגע.

דער טילוואקי לייסעאום, וועלכער ווערט געגרינדעט פון די דארטיגע ארבייטער רינג און ס. פ. ברענטשעס, האט איינגעלאדען צו שיקען א פארטרעטער צו דער ערעפענונג פון זייער היים. די נאציאנאלע ארגאניזאציאנס קאמיטע האט זיי געענטפערט אז ס'איז אונמעגליך יעצט צו שיקען צו זיי א פארטרעטער.

ברענטש 826, פון קאמילוס, האט זיך געווענדעט וועגען פאלגענדעס: די גרעסטע צאהל פון זייערע מיטגלידער געפינען זיך אין סיראקיוז, און זיי ווילען דארום זייער ברענטש איבערטראגען אהין. די נאציאנאלע ארגאניזאציאנס קאמיטע האט וועגען דעם אנגעפרעגט ביי דער סיראקיוז דיסטריקט קאמיטע, וועלכע האט געגעבען איהר צושטימונג איבערצוטראגען אהין דעם ברענטש. זייער רעקאמענדיישאן איז פארשטענדליך אנגענומען געווארען.

א צושריפט איז ארויסגעשיקט געווארען צו די ברענטשעס וועגען ביידע קאמפיינס. אויך איז געשיקט געווארען א צושריפט צו די סיטי און דיסטריקט קאמיטעס, אז זיי זאלען באזוכען די ברענטשעס פון זייערע דיסטריקטען אין צוזאמענהאנג מיט דער ארבייט.

ער (דינערשטיין) איז געווען פארטראטען אין בינגהאמטאן, נ. י., ביי דער ערעפענונג פון זייער לייברערי. דער ברענטש איז זעהר א טעטיגער און באטייליגט זיך אין יעדער געזעלשאפטליכער ארבייט, און פארשפרעכט צו טאן דאס בעסטע אונטער די אומשטענדען אין דעם מעמבערשיפ קאמפיין.

פריינד עבעריל איז געווען פארטראטען ביי דער פארזאמלונג פון דער ביאלאצערקאווו רעליעף, אין וועלכען עס באטייליגט זיך אויך אונזער ברענטש 417. פריינד עבעריל האט אדרעסירט דעם מיטינג, וואו עס איז געזאמעלט געווארען העכער 400 דאלאר.

רעפארט פון דער ארגאניזאציאנס קאמיטע ווערט גוטגעהייסען.

## רעפארט פון דער גריווענס קאמיטע

פריינד וואלאס, טשערמאן פון דער קאמיטע, באריכטעט, אז אין א געוויסען ברענטש אין פילאדעלפיא איז א מעמבער באשטראפט געווארען מיט 50 דאלאר פאר סקעבען. דער באשטראפענדער האט אפעלירט, און דער אפיעל האט זיך פארצויגען א לענגערע צייט, ווייל עס האט דאמאלס אויסגעבראכען די אינפלוענציא עפידעמיע. די זאך איז איבערגעגעבען געווארען צו דער ארטיגער סיטי קאמיטע צו ענטשיידען. לעצטענס האט די סיטי קאמיטע באשטעטיגט די טענות פון ברענטש, אז דער באשטראפענדער האט געארבייט אין צייט פון א סטרייק, און די גריווענס קאמיטע האט באשטימט די האנדלונג פון ברענטש גוטצוהייסען.

ברענטש 11 האט פארלאנגט אז די קיים וועגען זייער מעמבער, וועלכער איז מיט זיבען יאהר צוריק באשטראפט געווארען פאר נעמען קאמישאן פאר סאניטאריום ארבייט, זאל ווידער געעפענט ווערען, ווייל זיי האבען נייע באווייזע. ס'איז באשלאסען געווארען צו ענטפערען דעם ברענטש, דאס אזוי ווי אונזער א קאנווענשאן האט געהאנדעלט וועגען דעם פאל, האבען מיר ניט קיין מאראלע רעכט די קיים אויף דאס נייע צו עפענען. מיר ווילען אבער ברענגען די פראגע צו דער קומענדער קאנווענשאן.

פריינד לעווימאן, פון ברענטש 600, האט אנגעפרעגט אויב ער וועט ווידער קענען פארקלאגען אין ברענטש דעם אפעלאנט, וועלכער האט איהם אבדזשעקטעד אלס קאנדידאט פאר אן עקזעקוטיוו מעמבער פון דער יוניאן. די גריווענס קאמיטע האט געענטפערט פריינד לעווימאן, אז ער דארף זיך ערשט ווענדען צו דער יוניאן, און פאל זיי ווילען די פראגע ניט פארהאנדלען, וועט ער דאן קענען אריינברענגען זיין קלאגע אין ברענטש.

א מיטגליד פון ברענטש 271 האט אנגעפרעגט, צי א געוויסער מעמבער וועלכער שלאגט זיך ווידער פאר אין ארבייטער רינג, קען צוריקגעוויזען ווערען מיט 5 שטימען. די גריווענס קאמיטע האט איהם געענטפערט, אז לויט אונזער קאנסטיטושאן, ארטיקעל 3, פאראגראף 13, און ארטיקעל 13, פאראגראף 11, קען א געשטראכענער מעמבער, נאך 6 מאנאטען, צוריק אריינגענומען ווערען אין ארבייטער רינג נאר אלס א נייער מיטגליעד, און פארשטענדליך אלס אזעלכער, קען ער צוריקגעוויזען ווערען מיט 5 שטימען.

ברענטש 140, ברענטש 16 און אויך די איבעריגע ברענטשעס פון פעטערסאן, ענטזאגען זיך אנצונעמען דעם באשלוס פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע אין באצוג זייערע מיטגלידער, וועלכע האבען געארבייט אויף מעהר ווי 2 לומס. די ברענטשעס גיבען אן פארשיידענע טענות, אבער דער פאקט איז אז זיי איגנארירען אינגאנצען די מיטגלידער, און באטראכטען זיי אלס אויסגעשלאסען פון זייערע ברענטשעס.

א מעמבער פון א געוויסען ברענטש אין ווירדזשיניא האט אפעלירט געגען דער האנדלונג פון ברענטש צו שטרייכען איהם. נאכדעם ווי די גריווענס קאמיטע האט די זאך אונטערזוכט, איז פעסטגעשטעלט געווארען אז אין ברענטש קומען פאר רייסערייען צוליעב דיזען מעמבער. ס'איז באשלאסען געווארען איהם צו טרענספערירען אלס מעמבער עט לארדזש אויף א יאהר צייט, מיט דער פארשטענדניס דאס אזוי ווי ער איז אן אלטער מעמבער, איז אויב דער ברענטש האט ספעציעלע בענעפיטס, ווי סעמעטערי א. ד. גל., זאל ער דערצו זיין בארעכטיגט. ווען ער וועט זיך אויפפיהרען בעסער אין פארלויף פון יאהר, זאל דער ברענטש נאכהער פארהאנדלען וועגען אריינגנעמען איהם צוריק אלס מיטגליעד.

8 מיטגלידער פון ברענטש 155, טאלידא, אהיא, האבען אפעלירט געגען באשלוס פון ברענטש צו באשטראפען זיי צו 300 דאלאר יעדען פאר צוריקגעהן ארבייטען אין דער וואורלענד אויטאמאביל פעקטארי איידער דער סטרייק איז דארט געווארען געשליכטעט. די אפעלאנטען האבען ערקלערט, אז די ארבייטער פון יענער פעקטארי זיינען ארגאניזירט אין 2 יוניאנס, פון דער אמעריקאן פעדעריישאן אוו לייבאר און פון „די יונייטעד אויטאמאביל איירקראפט וואירקערס יוניאן". די אמעריקאן פעדעריישאן אוו לייבאר האט אנגעפאנגען ארויסגערופען בלויז די מאשיניסטען, און אזוי ווי זיי (די אפעלאנטען) זיינען נים קיין מאשיניסטען, און מען האט בוי זיי גארנים געפרעגט וועגען סטרייקען אדער נים, זיינען זיי געבליבען ארבייטען. ווען עס האבען זיך אבער אנגעפאנגען אומרוהען פון די סטרייקענדע ארבייטער, האט זיך די פעקטארי אינגאנצען צוגעמאכט. אין א קורצע צייט נאכדעם איז די פעקטארי ווידער געעפענט געווארען, און פיעלע פון די מאשיניסטען אליין זיינען צוריקגעקומען ארבייטען. אין עטליכע וואכען ארום איז דער שאפ געווארען פארפולט. האלטענדיג ביים פארלירען זייערע פלעצער, און וויסענדיג אז מען האט זיי צו קיין סטרייק נים גערופען, האבען זיי זיך צוריק געשטעלט ארבייטען. זיי האבען צוגעשטעלט א בריעף פון דער יונייטעד איירקראפט וואירקערס יוניאן, וועלכע באשטעטיגט זייערע טענות, אז די יוניאן צו וועלכע זיי באלאנגען האט זיי אין סטרייק נים גערופען. דיזע יוניאן האט בלויז באשלאסען, דאס אזוי לאנג ווי די פעקטארי וועט זיין באוואכט פון פאליציי און סאלדאטען, זאלען די ארבייטער נים צוריקגעהן אין שאפ. דאס איז אבער נים געווען קיין באשלוס דורך א רעפערענדום, ווי ס'פאדערט זיך, לויט די ביילאס פון דער יוניאן, און דער באשלוס איז דארום נים געווען בינדענד. דער ברענטש האט ערקלערט, אז דער סטרייק איז געווען פון אזא כאראקטער, וואס האט געפאדערט אז אלע ארבייטער פון דער פעקטארי זאלען סימפאטיזירען. זיי האבען דארום אויפגעפאדערט זייערע מיטגליעדער ארונטערצוגעהן. אנדערע ארגאניזאציאנען האבען נאכגעפאלגט זייער ביישפיעל. זיי זאגען, אז דערמיט וואס דיזע זיינען צוריקגעקומען ארבייטען, האבען זיי געשעדיגט דעם פרעסטיש פון ארבייטער רינג אין טאלידא. די גריווענס קאמיטע האט באשלאסען, אז לויט די ערקלערונג פון דער יונייטעד איירקראפט וואירקערס יוניאן איז קענטיג, דאס דארט איז געווען פארבונדען א פראגע וועגען יוריסדיקציע צווישען צוויי יוניאנס, אין וועלכע דער ארבייטער רינג, אלס נים קיין עקאנאמישע ארגאניזאציע, קען זיך נים אריינמישען. די גריווענס קאמיטע האט דארום באשלאסען אז די שטראף זאל פון די אפעלאנטען ארונטערגענומען ווערען.

פריינד וואלאס ערקלערט, אז זיי האבען זיך דורכגערעדט מיט פארטרעטער פון דער סיגארעט מייקערס יוניאן וועגען דער קיים פון פריינד וועבער, מעמבער פון ברענטש 60. די פארטרעטער האבען פארשפראכען צו טאן אלעס מעגליכעס צו זעהן אז פריינד וועבער זאל אריינגענומען ווערען אין שאפ, אבוואהל זיי האבען נאכאמאל באטאנט, אז זיי האבען נים קיין גענוגענדען קאנטראל צו קענען צווינגען דעם באס אריינצונעהמען יעדען ארבייטער וואס זיי ווילען.

פריינד חעסקעל איז געווען אין פעטערסאן ביי בר. 16 וועגען דעם, אז זיי זאלען נאכקומען די ענטשיידונג פון דער נאצ. עקזעקוטיוו אין באצוג די מעמבערס וואס האבען געארבייט מעהר ווי אויף צוויי לומס. זיי האבען איהם פריינדליך אויפגענומען, נאר זיי האבען באשטימט צו בלייבען ביי זייער פריהעריגען באשלוס.

רעפארט פון דער גריווענס קאמיטע ווערט גוטגעהייסען.

## רעפארט פון דער סאניטאריום קאמיטע.

פריינד גנסקין, טשערמאן פון דער קאמיטע, באריכטעט, אז אין סאניטאריום איז אלעס אין בעסטען ארדנונג. די קאמיטע האט לעצטענס געהאט פיעל ארבייט וואס איז פארבליבען אלס רעזולטאט פון די לעצטע פאסירונגען אין סאניטאריום. מאנכע ברענטשעס אין ניו יארק ווי אויך אויסער ניו יארק האבען פארלאנגט ערקלערונגען וועגען דער אנגעלעגענהייט, און ס'איז אויסגעקומען צו זיי צו שיקען פארטרעטער. אויף אזא אופן איז אויסגעקומען פארטרעטער פון דער סאניטאריום קאמיטע צו זיין ביי ברענטש 4, 363, 500, 386, 351 ניו יארק; ברענטש 198 האבאקען, 208 ניובראנזוויק, ביי דער קאנפערענץ פון אלע ברענטשעס אין פעטערסאן, ביי דער קאנפערענץ פון אלע ברענטשעס אין פילאדעלפיא, א. ד. גל.

אין דעטראיט איז לעצטענס אויפגעהויבען געווארען די פראגע וועגען סאניטאריום, און מאנכע ארטיגע אקטיווע טוערס פארלאנגען דורכאוים, אז פארטרעטער פון די סאניטאריום און עקזעקוטיוו קאמיטעס זאלען קומען צו א קאנפערענץ וואס וועט וועגען דער פראגע פאררופען ווערען. די סאניטאריום קאמיטע האט באשלאסען צו באוויליגען זייער פארלאנג, און בעט די עקזעקוטיוו צו ערוועהלען א פארטרעטער.

ער דייטעט אן, אז ביי די קאנפערענצען און מיטינגען פון ברענטשעס, וואו די סאניטאריום פראגע איז פארהאנדעלט געווארען, איז אומעטום אנגענומען געווארען גינסטיגע רעזאלוציעס, אין וועלכע די שטעלונג און האנדלונג פון דער סאניטאריום קאמיטע ווערט גוטגעהייסען. ס'ווערט אויך כמעט אין אלע אנגענומענע רעזאלוציעס פון די מיטינגען און קאנפערענצען אנגעוויזען, אז די פאציענטען ווערען אויפגעפאדערט נים צו מישען זיך אין אדמיניסטראטיווע אנ־

געלעגענהייטען. אזעלכע רעזאָלוציעס זיינען אויך אָנגענומען געוואָרען ביי מאַנכע דיסטריקט אָרגאַניזאַציאָנס קאָנפערענצען, וואָס זיינען געווען אָפּגעהאַלטען געוואָרען. ווי צום ביישפּיעל, אין ניו־העיווען, האַרטפאָרד, באַלטימאָר, פּראָווידענס א. ד. גל.

פריינד עפּשטיין איז געווען מיט די פאַרטרעטער פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע ביי די קאָנפערענצען פון פילאַדעלפיא און פּעטערסאָן, ווי אויך אין ניו בראָנזוויק, און איבערגעגעבען די שטעלונג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע. די סאַניטאַריום קאָמיטע דריקט אויס אנערקענונג צו פריינד עפּשטיין פאַר זיין אַרבייט.

די אָנגעשטעלטע פון סאַניטאַריום זיינען אינשורט געוואָרען דורך דעם סטייט אינשורענס פאָנד אין פאַל פון אַן עקסידענט.

די לאָס אנדזשעלעס דיסטריקט קאָמיטע האָט ארויסגעשיקט אַן אַפּיעל צו אַלע ברענטשעס צו שאַפען א פאָנד פאַר אַן ארבייטער רינג געביידע אין לאָס אנדזשעלעס סאַניטאַריום. מאַנכע ברענטשעס האָבען אָנגעפרעגט ווארום די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו קאָמיטע אָדער די סאַניטאַריום קאָמיטע נעהמט די פראַגע ניט אויף אַלס אַ נאַציאָנאַלע פראַגע. די סאַניטאַריום קאָמיטע האָט באַשטימט צו ברינגען די זאַך צו דעם עקזעקוטיוו מיטינג.

פריינד דרישפּיעל איז מיט א קורצע צייט צוריק געווען אין סאַניטאַריום און איבערגעגעבען דר. פיש וועגען די איינצעלהייטען פון אונזער וואַסער לייטונג סיסטעם, „סועדזש" א. ד. גל. די סאַניט. קאָמיטע דריקט אויס אַ דאַנק צו פריינד דרישפּיעל, וועלכער איז אימער גרייט צו העלפען די קאָמיטע אין איהר ארבייט.

ס'איז באַשלאָסען געוואָרען צו קויפען 3 דאַזען האָספּיטאַל פּישלאַך וואָס זאָלען אָוועקגעשטעלט ווערען לעבען די בעטען פון די פּאַציענטען אין די „לענ־טוס", אויך 6 דאַזען ווייסע טשערס, אינוואַליד לינאָלעאום פאַר'ן עס־צימער.

אויף דעם פאַרלאַנג פון דר. האַלפּערן, איז באַשלאָסען געוואָרען צו העכערען די געצאַהלט פון זיינע וויזיטען פון $4.00 אויף $5.00. די סאַניטאַריום קאָמיטע האָט אָנגענומען דיזען באַשלוס, נעהמענדיג אין אַנבאַטראַכט, אַז אַלע דאָקטוירים האָבען געהעכערט דעם פּרייז פאַר זייערע וויזיטען מיט א לאַנגע צייט צוריק.

דער וועג צום אייז־הויז איז אויסגעגלייכט געוואָרען, דער האָספּיטאַל ווערט געפיינט און דער גראָונד פון סאַניטאַריום, אַ דאַנק דר. פיש'ס אויפמערקזאַמקייט, זעהט יעצט אויס שעהנער, ווי פריהער.

פר. גוסקין ערקלערט, אַז די קאָמיטע וועט נעהמען אין אַנבאַטראַכט די פראַגע וועגען דעפיציט אין אויפהאַלטונגס פאָנד און זעהן אויב עטוואָס קען געטאָן ווערען.

---

עס ווערט באַשלאָסען צו שיקען אַ פאַרטרעטער צו דער קאָנפערענץ אין דעטראָיט. ערוועהלט פר. עפּשטיין.

רעפּאָרט פון דער סאַניט. קאָמיטע ווערט דאַן גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער אָפּיס קאָמיטע.

פריינד ראָזענבלאַט, וויס־טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט אַז אַ געוויסער ברענטש האָט צוגעשיקט אַן אַפּליקיישאַן פאַר א נייעם קאַנדידאַט אריינצונעמען צו ווערען אין ארבייטער רינג. מיט א צייט צוריק זיינען אין אָפּיס אריינגעקומען 2 אבדזשעקשאָנס מיט געשוואָרענע סטייטמענטס פון א נאָטאַרי פּאַבליק, וואו ס'ווערט אָנגעגעבען, אז אויב דער באַטרעפענדער וועט פאַרגעשלאָגען ווערען, איז ער ניט פּאַסענד פאַר דעם סאַניטאַריום. איינער פון די אַפידייוויטס איז געווען פון א מיטגליעד פון דעם זעלבען ברענטש, און דער צווייטער אַ מעמבער פון אַן אנדער ברענטש. די אָפּיס קאָמיטע האָט באַשלאָסען איהם צו רעדזשעקטען.

ברענטש 395, פון ראָק אײלענד, איל. האָט זיך געווענדעט וועגען פאָלגענדעס: זיי דאַרפען פאַרגרעסערען זייער לייבאָר לייסעאום און דאַרויף נויטיגט זיך עטליכע טויזענד דאָלאַר, וואָס זיי איז שווער צו קריגען. וויסענדיג אַז דער ארבייטער רינג אינוועסטעט געלד אין מאָרטגעדזשעס, בעטען זיי אויב ס'איז מעגליך צו לייהען זיי א געוויסע סומע אויף דעם מאָרטגעדזש פון דעם לייבאָר לייסעאום. די אָפּיס קאָמיטע האָט זיי געענטפערט, אַז דער ארבייטער רינג אינוועסטעט ניט קיין געלד אין מאָרטגעדזשעס, נאָר אין מאָרטגעדזש סערטיפיקייטס, וואָס זיינען געזיכערט פון א געוויסער ריעל עסטייט קאָמפּאַני, און פון דעם אינשורענס דעפּאַרטמענט צו מאַכען אַזעלכע אינוועסטמענטס. דער ארבייטער רינג קען אָבער ניט מאַכען קיינע אינוועסטמענטס אין געוויסע מאָרטגעדזשעס וואָס ווערען ניט גוטגעהייסען פון דעם אינשורענס דעפּאַרטמענט.

אין ברענטש 363 איז א געוויסער מעמבער געווען געשטראָכען אונגעפעהר 9 מאָנאַטען. נאַכהער איז ער ווידער אריינגענומען געוואָרען אין ברענטש אַלס נייער מיטגליעד, זייענדיג ארום 8 מאָנאַטען אין ארבייטער רינג אַלס נייער מעמבער, איז ער קראַנק געוואָרען אויף קאָנסאָמפּשאָן. ווען ער האָט אויסגעמאַכט אַן אַפּליקיישאַן אריינגענומען צו ווערען אַלס פּאַציענט אין סאַניטאַריום האָט איהם די סאַניטאַריום קאָמיטע געענטפערט, אז ער איז צום סאַניטאַריום ניט באַ־

רעכטיגט. דער ברענטש האָט זיך דאַן געווענדעט צו דער אָפּיס קאָמיטע, אַז מען זאָל דעם באַטרעפענדען רעאינסטייטען אַלס אַלטען מעמבער, ווייל ער איז געשטראָכען געוואָרען צוליעב דעם דרעפּט. דער ברענטש האָט אָבער ניט געקענט צושטעלען קיינע באַווייזען, אַז דאָס זאָל האָבען געווען דער פאַל, און די אָפּיס קאָמיטע האָט באַשלאָסען אַז דער באַטרעפענדער זאָל בלייבען אַלס נייער מעמבער.

45 טויזענד דאָלאַר איז אינוועסטעט געוואָרען אין סערטיפייד מאָרטגעדזשעס.

ס'איז געקויפט געוואָרען א נייער טייפּרייטער און א דעסק, וואָס קאָסטען ארום $150.00.

ס'איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז איין מאָל אין יאָהר זאָל אין אוידיטינג דעפּאַרטמענט געשיקט ווערען דער לעדזשער פון יעדען ברענטש, ווייל דאָס וועט פאַרמיידען פיעלע מיספאַרשטענדניסע צווישען דעם אָפּיס און די ברענטשעס.

ס'זיינען געאָרדערט געוואָרען נייע סערטיפיקייטס פאַר די 1000 דאָלאַרדיגע פּאָליסים וועלכע וועלען איינגעפיהרט ווערען פון דעם ערשטען יאַנואַר 1920.

אין א געוויסען ברענטש איז געשטאָרבען א מעמבער. דער באַטרעפענדער איז אריינגעקומען אין ארבייטער רינג דעם 15טער מאַי 1919, און דעם 29טען מאַי 1919 איז ער שוין געווען אין א האָספּיטאַל, דעם 22טען דזשולײ איז ער געשטאָרבען פון א וואונד וואָס ער האָט געהאַט אין קאָפּ (דער באַטרעפענדער איז געווען אין דער ארמיי, און איז דאָרט פאַרוואונדעט געוואָרען.) ביים אונטערזוכען האָט ער דעם דאָקטאָר גאָר ניט געזאָגט. קריגענדיג די אַלע אינפאָרמיישאָנס פון זיין קראַנקהייט פון דעם האָספּיטאַל, אין וועלכען ער איז געשטאָרבען, האָט אונזער ליגעל עדווייזער געראָטען דעם טויטען בענעפיט ניט אויסצוצאָהלען.

צוליעב ראש השנה איז דער אָפּיס געווען געשלאָסען 2 טעג.

די דעטראָיט קאָנווענשאָן קאָמיטע האָט צוגעשיקט אַ דיטאַיל ביל, לויט וועלכען זיי האָבען פאַרלאַנגט אַז מען זאָל זיי שיקען $507.90 אַפּשטעקענדיג אָבער זייער ביל, האָט זיך ארויסגעוויזען אַז די סומע באַטרעפט $1107.00. די אָפּיס קאָמיטע האָט באַשלאָסען אָנפרעגען נאָכאַמאָל ביי דער דעטראָיט קאָנווענשאָן קאָמיטע אין ווי פיעל זיי זיינען ווירקליך תּובערשטעליג.

ווי באַוואוסט, זיינען לעצטען יאָהר געווען פיעלע פעלע ווען מיטגליעדער זיינען געשטאָרבען, און די טויטען בענעפיט האָט ניט געקענט אויסגעצאָהלט ווערען צו זייערע פאַמיליען, ווייל עס זיינען פאַרבליבען די פריהערדיגע בענעפישערים, וועלכע האָבען געוואָהנט אין רוסלאַנד, גאַליציען, און אַנדערע מלחמה לענדער. דער אָפּיס איז יעצט צוגעטראָטען צו דער ארבייט פון אָפּשיקען אַלע בענעפישערים הויפּטזעכליך פון די פאַרהייראַטע, און דאַן אָנפרעגען דורך די ברענטשעס אויב די באַטרעפענדע מעמבערס ווילען זייערע בענעפישערים ענדערען. דאָס איז פאַרבונדען מיט א היבשע ביסעל ארבייט, נאָר די אָפּיס קאָמיטע דענקט אַז ס'איז כדאי די אָנשטרענגונג אום צו פאַרמיידען מעגליכע אונאַנגענעהמליכקייטען, אין אזעלכע פעלע ווי עס איז פריהער דערמאָנט געוואָרען.

די באַלאַנסען פון די ברענטשעס פון לעצטען קוואַרטאַל, זיינען בעסער ווי געוועהנליך, און עס איז אויסגעקומען צו פיעלע ברענטשעס צו שיקען רעדזשיסטרירטע בריעף.

ברענטש 135 איז הינטערשטעליג מיט אומגעפעהר 2 קוואַרטאַלע דיוס. ווען מען האָט זיי אויפגעפאָדערט פון אָפּיס צו מאַכען די נויטיגע איינצאָהלונג אום ניט צו בלייבען שולדיג מעהר ווי 10 פּראָצענט ווי דאָס ווערט ערלויבט פון אונזער קאָנסטיטושאָן, האָבען זיי געענטפערט, אַז צוליעב דעם וואָס זיי האָבען אַ סכסוך מיט דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע אין באַצוג אַ געוויסע סומע, וועלען זיי די איינצאָהלונג ניט מאַכען. די אָפּיס קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו רופען אַ ספּעשעל מיטינג פון ברענטש, און שיקען אַהין אַ פאַרטרעטער. אין פאַל אָבער זיי וועלען זיך ענטזאָגען דעם חוב איינצוצאָהלען, זאָל דער ברענטש אויפגעלעזט ווערען.

רעפּאָרט פון דער אָפּיס קאָמיטע ווערט דאַן גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער בענעפיט קאָמיטע.

פריינד דזשאַקאָבי, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז פריינד האַלפּערן פון ברענטש 36 איז צוגעצויגען געוואָרען צו דער בענעפיט קאָמיטע אויפ'ן פּלאַץ פון פריינד אראָנסאָן. פר. הייפּערלינג איז ערוועהלט געוואָרען אַלס וויס־טשערמאַן פון דער קאָמיטע.

ער זאָגט, אַז עס טרעפט פיעלע מאָל ווען א מיטגליעד איז דעם צווייטען יאָהר קראַנק אויף אַ קראַנקהייט וואָס איז דער רעזולטאַט פון דער קראַנקהייט פון ערשטען יאָהר, ווי צום ביישפּיעל: אויף לונגען קראַנקהייט (פּנומאָניע) און טובוירקולאָזיס. עס איז וועגען דעם אָנגעפרעגט געוואָרען ביי דר. האַרבאַך, דעם ספּעציאַליסט מיט וועמען מיר באַראַטען זיך אין צווייפעלהאַפטע קייסעס. ער האָט געענטפערט אַז אין אַזעלכע פעלע איז א מיטגליעד דאָס צווייטע יאָהר באַרעכטיגט צו $6.00 אַ וואָך און ניט צו $3 קראַנקען בענעפיט, ווי

הגם אזעלכע קראנקהייטען האבען א נאהענטען שייכות איינער מיט דעם צווייטען, זיינען די באצילען אבער פארשיעדענע, און יעדע פון זיי ווערט באטראכט אלס א גאנץ אנדער קראנקהייט.

א מעמבער האט אפעלירט געגען באשלוס פון זיין בראנטש צוריקצואווייזען איהם פאר 3 וואכען בענעפיט. דער אפעלאנט האט ערקלערט, אז ער האט געזאגט דעם האספיטאלער אויף דער ענדע פון דער 7טער וואך פון זיין קראנקהייט, דאס ער וועט פראבירען געהן ארבייטען. אויף דעם גרונד זיינען קיין קאמיטעס צו איהם ניט געשיקט געווארען, און דער בראנטש האט זיך ענטזאגט די בענעפיט צו איהם אויסצוצאהלען. פארטרעטער פון בראנטש האבען ערקלערט אז דער באטרעפענדער האט געקראגען פאר 7 וואכען בענעפיט, און צום סוף פון דער 7טער וואך האט ער געזאגט דעם האספיטאלער אז ער וועט געהן צו דער ארבייט. נאכהער האט ער צוגעשטעלט 3 סיק־סערטיפיקייטס. דער בראנטש האט זיך ענטזאגט אויסצוצאהלען די בענעפיט אויף דעם גרונד וואס דער באטרעפענדער האט זיך ניט געמעלדען קראנק. א מעמבער פון א צווייטען בראנטש, וועלכער ארבייט מיט דעם אפעלאנט אין איין פלאץ, האט באשטעטיגט אז דער באטרעפענדער האט די לעצטע 8 וואכען ניט געארבייט. דער אפעלאנט האט געמאכט דעם איינדרוק פון זעהר א נאאיווען מענשען. די בענעפיט קאמיטע איז געווען מיט דער מיינונג אז ס'איז ווארשיינליך געווען א מיס־פארשטענדניס צווישען בראנטש און דעם אפעלאנט, און האט דארום באשלאסען די בענעפיט אויסצוצאהלען.

פריינד דזשאקאבי ערקלערט אז פארלויפיג האבען נאך קיינע פון די סיטי און דיסטריקט קאמיטעס ניט געענטפערט אין באצוג זייערע ארטיגע האספיטאלס, מיט וועלכע זיי וואלטען רעקאמענדירט צו שטעלען זיך אין פארבינדונג און שטיצען זיי פון דעם $5,000 פאנד, וואס איז באשטימט געווארען פון קאנווענשאן.

רעפארט פון דער בענעפיט קאמיטע ווערט גוטגעהייסען.

## רעפארט פון דער עדיוקיישאנעל קאמיטע.

פריינד גאלינסקי, ווייס־טשערמאן פון דער קאמיטע באריכטעט, אז די ארבייטער רינג שולען סיי אין ניו יארק, סיי אין אנדערע שטעדט, זיינען איבעראל אן ערפאלג. די לעהרער קרסען וועלען אין קירצען געעפענט ווערען, און די עדיוקיישאנאל קאמיטע לעגט איהרע האפנונגען אז דורך דיזע קורסען וועט געלינגען צו קריגען די צאהל נייע לעהרער וואס פעהלען אין די שולען.

די ארבייטער רינג מוזיק שול געפינט זיך אין גוטען צושטאנד.

דער ארבייטער רינג ארקעסטער פראגרעסירט און פארגרעסערט זיך. זיי האבען לעצטענס ארגאניזירט קווארטעטען פאר בראנטש אונטערנעהמונגען. די פרייע אידישע פאלקס בינע, בראנטש 555, האט לעצטענס אין מאליא טעאטער געגעבען א פארשטעלונג, וועלכע איז געווען זעהר גוט באזוכט. די פרייע אידישע פאלקס בינע פלאנעוועט אויך דיזען יאהר צו געבען איניגע פארשטעלונגען פון בעסערע אידישע פיעסען אין דער „נייבארהוד פלעי הויז", אויב זיי וועלען קריגען די ערלויבניש פון דעם טעאטער.

ס'איז באשלאסען געווארען ארויסצושיקען גענאסע ח. ראגאף אויף אלעקטשור טור, וואס זאל דויערן 10 אדער 12 וואכען.

פר. גאלינסקי בעט צו באשטימען צי מיר זאלען זיך אנשליסען אן דער פאראייניגטער ארבייטער עדיוקיישאנאל קאמיטע. ער דויטעט אן, אז די רעקאמענדיישאן פון דער עדיוק. קאמיטע איז — צו באוויליגען פאר זיי $500, אזוי דאס מיר זאלען זיך קענען באנוצען מיט זייער אלגעמיינער עדיוקיישאנאל ארבייט (ווי גרויסע קאנצערטען, טעאטער פארשטעלונגען א. ד. גל.), אבער ניט זיין פאראנטווארטליך פאר זייערע דעפיציטען.

עס ווערט באשלאסען אנצונעהמען דיזע רעקאמענדיישאן און דער רעפארט פון דער עדיוק. קאמיטע ווערט גוטגעהייסען.

## קאנווענשאן קאמיטע.

עס ווערט באשלאסען צו ערוועהלען א קאנווענשאן קאמיטע פון 7. אין דער קאמיטע ווערען ערוועהלט פריינדע עפשטיין, גוסקין, וואלאס, אייבראמס, פריימאן, ראטהמאן און קרינסקי.

---

פר. קלופט הויבט אויף די פראגע וועגען א האום אפיס. ער שלאגט פאר צו ערוועהלען א קאמיטע פון פינף, וועלכע זאל אריינברענגען א גענויען פלאן וועגען דעם. — עס ווערט באשלאסען איבערצוגעבען די פראגע צו דער אפיס קאמיטע.

---

אויף דעם פארשלאג פון פר. חערשקאוויץ ווערט באשלאסען צו שיקען א באגריסונג צו די סטרייקער פון דער שטאהל־אינדוסטריע.

פ. געליעבטער, רעקארדינג סעקרעטער.

---

## קארעקשאן.

אין סעפטעמבער נומער „פריינד", אין'ם רעפארט פון דער אפיס קאמיטע וועגען אודיטינג דעפארטמענט לעזט זיך:

אין אודיטינג דעפארטמענט ארבייט דערווייל בלויז פר. הלל זאק. די אפיס קאמיטע וועט שפעטער זעהן אנשטעלען נאך אן אודיטאר. די ארבייט פון אודיטינג דעפארטמענט ווערט אבער יעצט פארנאכלעסיגט.

STATEMENT OF THE OWNERSHIP, MANAGEMENT, CIRCULATION, ETC., REQUIRED BY THE ACT OF CONGRESS OF AUGUST 24, 1912, of The Friend, published monthly at Pasaic, N. J., for October 1st, 1919.

State of New York, County of New York, SS:

Before me, a Commissioner of Deeds, in and for the State and county aforesaid, personally appeared Israel B. Bailin, who, having been duly sworn according to law deposes and says that he is the Managing Editor of The Friend and that the following is, to the best of his knowledge and belief, a true statement of the ownership, management (and if a daily paper, the circulation), etc., of the aforesaid publication for the date shown in the above caption, required by the Act of August 24, 1912, embodied in section 443, Postal Laws and Regulations, printed on the reverse of this form, to wit:

1. That the names and addreses of the publisher, editor, managing editor, and business managers are:
Publisher: The Workmen's Circle, 175 E. Broadway, N. Y.
Editor: I. B. Bailin, 175 E. Broadway, N. Y. City.
Managing Editor: I. B. Bailin, 175 E. Broadway, N. Y. City.
Business Manager: Joseph Baskin, 175 E. Broadway, N. Y.

2. That the owners are: The Workmen's Circle, 175 E. Broadway, N. Y. City, fraternal organization; no stockholders.

3. That the known bondholders, mortgagees, and other security holders owning or holding 1 per cent or more of total amount of bonds, mortgages, or other securities are: None.

4. That the two paragraphs next above, giving the names of the owners, stockholders, and security holders, if any, contain not only the list of stockholders and security holders as they appear upon the books of the company but also, in cases where the stockholder and security holder appears upon the books of the company as trustee or in any other fiduciary relation, the name of the person or corporation for whom such trustee is acting, is given; also that the said two paragraphs contain statements embracing affiant's full knowledge and belief as to the circumstances and conditions under which stockholders and security holders who do not appeal upon the books of the company as trustees, ,hold stock and securities in a capacity other than that of a bona fide owner; and this affiant has no reason to believe that any other person, association, or corporation has any interest direct or indirect in the said stock, bonds, or other securities than as so stated by him.

ISRAEL B. BAILIN, Editor.

Sworn to and subscribed before me this first day of Otcober, 1919.

(Seal) JULIUS EPSTEIN, Com. of Deeds.

(My commission expires Feb. 4, 1921.)

---

ביז יעצט האט דער דזשאדזש גערי בארימט געמאכט די שטאט גערי. איצט האט די שטאט גערי בארימט געמאכט דעם אמאליגען דזשאדזש...

* * *

דער זומער אוועק — דער ווינטער קומט. ארויס פון אונטער די נעגעל פון אייז־טראסט און אריין אין די לאפעס פון קוילען־טראסט...

* * *

נאך איין פערטעל יאהר געבליבען צו דער נוארקער א. ר. קאנווענשאן. וואס הערט זיך מכח א נייעם קאנדידאט פאר אייער בראנטש?

* * *

צי אונטער דער קאמאנדע פון פעטלורא'ן צי אונטער דעניקינען — די היידאמאקעס זיינען געבליבען די זעלביגע, ווי זיי זיינען געווען אין יאהר 1648, אונטער דער קאמאנדע פון כמעלניצקי'ן....

* * *

באשערט א תפיסה צו פארבלייבען פאראייביגט אין דער היסטאריע. מיר מיינען עס די אטלאנטא'ער פעניטענשערי...

* * *

ארץ־ישראל איז נאך אלין נישט ארץ־ישראל, אקוראט ווי באלפור'ס דעקלאראציע איז נאך אלין נישט א רעאליזאציע...

---

די לעצטע שורה דארף זיך לעזען: די ארבייט פון אודיטינג דעפארטמענט ווערט אבער יעצט ניט פארנאכלעסיגט.

---

**קיין קללות קענען ניט העלפען — ארבייט איז אן אויסגעפרואווטער מיטעל.**

מיר ווארטען אַחער
א זודיגע טרעהר —
און לעגען א קראַנץ אויך
פון בלומען . . .

און בויגען דעם קאפ
מיט טרויער ערנסט,
אין צער, אין טיפען, אין
שטומען . . .

מיר, די פאַציענטען פון א. ר. סאַניטאַריום, פּערזאָנעלס ביי א געמיינשאַפטליכען מיטינג פון פרויען און מענער זונטאג אבענד דעם 7טען דעצ., דריקען אויס אונזער טיעפסטען באַדויערען אויף דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פריינד און מעמבער פון סאַניטאַריום קאָמיטע, פריינד פערלאַוויץ. אין זיין טויט האָט דער א. ר. אין אלגעמיין און דער סאַניטאַריום איבערהויפּט פאַרלאָרען איינעם פון זיינע וויכטיגסטע און איבערגעבענסטע טוער און פריינד. מיר דריקען אויך אויס אונזער טיפסטע סימפּאַטי צו זיין פרוי און קינדער.
ר. ריגמאַן, טשערמאַן; מיסס דזש. פרידמאַן, דזש. גאַלאַנד, פּ. שאל, ס. פּיטקאָווסקי און י. גליק — רעזאָל. קאָמיטע.

מיט געבויגענע קעפּ און טיפען טרויער דריקען מיר, די מעמבערס פון מינסקער ברענטש 805 א. ר., אויס אויף דעם (פאַרלוסט) פריהצייטיגען טויט פון אונזער פריינד מאַקס פּערלאַוויץ. מיר דריקען אויך אויס אונזער טיפסטע סימפּאַטיע צו זיין פרוי און קינדער.

**א. עטינגער, סעק.**

די קליוולאַנד סיטי און דיסטריקט אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע דריקט אויס איהר טיעפסטע באַדויערען אויף דעם פריהצייטיגען טויט פון פריינד פּערלאַוויץ. צוזאַמען מיט אלע זיינע פריינד און באַקאַנטע.
י. וויניצקי, סעקרעטאַר.

מיר, די מעמבערס פון וויטעבסקער ברענטש 478 א. ר., דריקען אויס אונזער טיפסטען טרויער און וועהטאָג אויף דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער אַלעמענס באַליעבטען פריינד מאַקס פּערלאַוויץ.
מיט געבויגענע קעפּ עהרען מיר דיין ליבען אַנדיינקונג.
רעזאָלוציאָנס קאָמיטע.

מיט שמערץ און וועהטאג באַדויערען מיר דעם טויט פון אונזער מעמבער און חבר כּייטען שפּייער, געשטאָרבען אין עלטער פון זיין 32טען יאָהר, דינסטאג דעם 19טען אויגוסט, 1919.
שטיל און באַשיידען האָט ער געטאָן זיין ארבייט אין דער קעפּ־מייקער יוניאָן און אָהן טומעל געהאָלפען בויען דעם בר. 75. געווען אַ מיטגליד אין דעם ברענטש עקזעקוטיווע און האָט פּינקטליך געטאָן זיינע פליכטען.
מיר שיקען א טרייסט וואָרט צו זיין פרוי, קינד און ברידער. מיר האָבען באַזאָרגט א פאָנד צו העלפען זיין קינד אין זיין צוקונפט.
עהרע זיין אנדיינקונג.
דווינסקער „בונד" בר. 75 א. ר. ס. וואלאס.

מיר דריקען אויס אונזער טיפסטען מיטלייד צו אונזער פריינד ע. גיטקין און זיין איינציג קינד, איבער דעם פריהצייטיגען טויט פון זיין פרוי ביילע. געשטאָרבען דעם 10טען אויגוסט.
וויטעבסקער בר. „בונד" 224 א. ר. — מ. סלאָווין, סעק.

מיר דריקען אויס אונזער טיפסטען באַדויערען איבער דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער באַליעבטען פריינא מאָררים גורסקי, וועלכען די פּראָלעטאַרישע קראַנקהייט האָט אוועקגעריסען פון אונזערע רייהען, דעם 20־טען אויגוסט.
אונזער טיעפען מיטגעפיהל צו זיין פרוי און קינדער.
ש. עפּשטיין, סעק. בר. 501, האַרלעם.

מיר באַדויערען דעם פאַרלוסט פון אונזער געאַכטעטען פריינד דזשייקאָב שוליקין, וועלכער איז אַזוי יונג אוועקגעריסען געוואָרען פון דער וועלט. אונזער טרייסט און טיפסטע סימפּאַטיע צו זיין יונגער פרוי מיט זיינע קינדער.
ב. עלינסאָן, האָספּיטעלער בר. 11.

מיר באַדויערען דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער באַליעבטען פריינד העררי קופּערמאַן, גע'הרג'עט געוואָרען דעם 25־טען יולי דורך איין אויטאָמאָביל עקסידענט. זיין הייסע האַרץ האָט איהם אימער געקלאַפּט, סיי פאַר פריינד און סיי פאַר פיינד. מיר דריקען אויס אונזער הערצליכסטע סימפּאַטיע צו די פאַמיליע, וועלכע האָט פאַרלאָרען איינע פון איהרע שעהנסטע בלומען.
מיט געבויגענע קעפּ, ברענטש 610, — י. מ. סעק.

לאָדזער בר. 135 א. ר. דריקט אויס זיין טיפען טרויער און מיטגעפיהל צו אונזער ווערטען פריינד וויליאם סיידמאַן, פאַר דעם פריהצייטיגען טויט פון זיין ליעבע פרוי.
אויך דריקען מיר אויס אונזער טרויער איבער דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער ווערטהען פריינד איבראַם שיפּקאָוויץ און מיטגעפיהל צו זיין פאַמיליע.
ס. ליעבער, סעק.

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען טרויער און ... אויף דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער טייערער פריינדין דהרא ברוק. אונזער טיעפסטע סימפּאַטי מיט איהר מאַן און קינדער.
ל. וו. סעקרעטער בר. 81.

מיר דריקען אויס אונזער צער און טיעפען טרויען נאָך אונזער באַליעבטען פריינד משה'רלי מיללער, געשטאָרבען אין עלטער פון 31 יאָהר, סעפּט. פ־טען.
אונזער טיעפסטער מיטגעפיהל צו זיין פאַרבליבענער פרוי און קינד. די ציוט זאָל תיילען איהר שמערץ.
ב. בעקער, סעק. ברענטש 213.

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען טרויער איבער דעם פאַרלוסט פון אונזער פריינדין מיסיס פעני זלאַטין, וועמען דער פריהצייטיגער טויט האָט ארויסגעריסען פון אונזער רינג.
אונזער טיעפסטע סימפּאַטי און מיטגעפיהל צו איהר מאַן און שוועסטער. זאָל די ציוט אין אייער לעבענס גאַנג אייך ברענגען טרייסט פריינד.
מ. לוריא, סעקר. בר. 150.

מיר באַדויערען זעהר דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פריינד חערי ראַבינאָוויטש, וועלכער איז דורך אן אויטאָמאָביל עקסידענט געטויטעט געוואָרען. מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטע סימפּאַטיע צו זיין פרוי רושעני מיט איהרע צוויי קליינע קינדערלעך, וועלכע האָבען ערלייטען אַזאַ אונערזעצליכען פאַרלוסט.
פּרעס קאָמיטע, בר. 295.

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען טרויער און שמערץ איבער דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פריינד העררי סאַמערגראַד, וואָס איז אַזוי יונג אוועקגעריסען געוואָרען פון אונז, ווי אויך אונזער האַרציגען טרייסט צו זיין פרוי און פאַמיליע.
גאָלדמאַן, סעק. בר. 259 א. ר.

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען טרויער און שמערץ אויף דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער ליעבען פריינד מאַרק קאַהען, איינער פון די עלטסטע מיטגליעדער אין א. ר. וואָס איז געשטאָרבען דעם 13טען דעצעמבער. אונזער טיעפסטע סימפּאַטיע צו דער פאַמיליע.
בר. 62, פּאַסייק. ס. דאַנישעווסקי, סעק.

מיר באַדויערען דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פריינד לואיס בערקאָוויץ, געשטאָרבען אין עלטער פון 33 יאָהר אַלט. מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטע סימפּאַטיע צו זיין פרוי און קינדערלעך. מיר האָפען, אז די ציוט וועט היילען אלע זייערע וואונדען.
מאַיער טאַנפעלד, סעק. בר. 457.

מיר דריקען אויס אונזער גרויסען באַדויערען און טיפען טרויער אויף דעם פאַרלוסט פון אונזער פריינד און עקס רעקאָרדינג סעקרעטער מאַקס קאַסס, וועלכער איז געשטאָרבען דעם 3טען אָקטאָבער, נאָך פיעלע וואָכען שווערע ליידען.
מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטע סימפּאַטיע צו די אלמנה, קינדער און פאַמיליע.
סעם פינקעלשטיין, סעק. בר. 386 פּראַגער־וואַרשעווער.

מיט טיעפען טרויער באַדויערען מיר דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פריינד יוסף אייזענשטיין. געשטאָרבען דעם 4טען ...

# פינאַנץ באַריכט פון 75טען קוואַרטאַל

דאָס פאָלגענדע איז דער פינאַנץ־באַריכט פון'ם אלגעמיינעם צושטאַנד פון די בראַנטשעס פון ארבייטער רינג פאר דעם 75טען קוואַרטאַל, וועלכער שליסט איין די מאָנאַטען אפריל, מאַי און יוני, 1919.

## איינאַהמע.

| | |
|---|---|
| פון בראַנטשעס | $98,259.61 |
| פון מעמבערס עט לאַרדזש | 3,264.48 |
| איינטרעטס געלד פון נייע מעמבערס, 1, 2, 3 און 4טע קלאַסען | 10,262.00 |
| פון טראַנספערס פון קלאַס צו קלאַס | 595.00 |
| קאָנסטיטושאָנס און סערטיפיקייטס | 543.00 |
| ס"ה | $113,374.09 |
| צוריקגעגעבענע די אַפּליקיישאָנס פאר אפּרואוואַל פון לעצטען קוואַרטאַל | 1,814.75 |
| בלייבט נעט איינגאַהמע פון מעמבערס פאר דיזען קוואַרטאַל | $111,559.34 |

## אינוועסטמענטס.

| | |
|---|---|
| אינטערעסט אין באָנדס | 7,866.25 |
| אינטערעסט פון מאָרטגיידזשעס | 1,086.11 |
| אינטערעסט פון דעפּאָזיטס | 130.21 |
| סאַנאַטאָריום דעפּאָזיטס (באַצאַהלטע פּראָצענטען) | 1,995.00 |
| ליבאָר ליעג פאציענטען | 683.57 |
| סאַנאַטאָריום פאַרם פּראָדוקטען | 965.97 |
| סאַניטאַריום לייף סטאָק | 80.66 |

## פרייוויליגע קאָנטריביושאָנס.

| | |
|---|---|
| פאר די מלחמה קרבנות | 9,206.25 |
| פאר קלאָוקס סטרייקערס | 588.33 |
| פאר ניו יאָרק קאָל פּרינטינג קאָ. | 551.00 |
| יונייטעד שו־ארבייטער | 151.00 |
| לאָס אַנזשעלעס סאַניטאַריום | 119.00 |
| פאר דעבס ביכער | 110.00 |
| פאר די רעליעף קאָמיטע פאר די פּוילישע אידען | 104.12 |
| פאר ארבייטער רינג בראַנטשעס | 38.50 |
| פאר דעם מיליאָן־דאָלאַר פאָנד | 25.00 |
| פאר היברו אימיגראַנט אייד סאָסייעטי | 17.00 |
| פאר דעם מעסענדזשער | 7.00 |
| פאר נאַטוראַליזיישאָן אייד ליעג | 5.00 |
| פאר יאָנג פּיפּלס סאָשעליסט ליעג | 3.00 |
| פאר אמעריקאַן פרידאָם קאָנווענשאָן | 2.00 |
| פאר הארלעם סאָשעליסט פּארטי | 2.00 |
| פאר דענווער שעלטערינג האָום פאר אידישע קינדער | 2.00 |
| פאר ראַנד סקול | 4.00 |
| פאר לאָקאַל ניו יאָרק סאָשעליסט פּארטי | 1.50 |
| פאר די ארבייטער רינג קאָאָפּערייטיוו סאָסייעטי | 1.50 |
| פאר ארבייטער רינג לייסעאום | 1.00 |
| פאר די ליעג פאר באפרייאונג פּאָליטישע פּריזאָנערס | 1.00 |

## פארשיידענע איינאַהמען.

| | |
|---|---|
| ארבייטער רינג לייברערי | 2.00 |
| ארבייטער רינג לייברערי, 1918 | 16.00 |
| ארבייטער רינג לייברערי, 1919 | 1.40 |
| מוזיקאַל לייברערי 1919 | .75 |
| פאר קאַרל מאַרקס ביכער | 6.83 |
| פאר סעמעטערי דעפּאַרטמענט | 59.10 |
| בראַנטש סופּלייס | 2.20 |
| י. ווייַנטראַוב | 120.00 |

## אומגעקעהרטע אויסגאַבען.

| | |
|---|---|
| קאָנווענשאָן פאָנד | ,163.94 |
| עדוקיישאָנאַל ביוראָ | 1.35 |
| אדמיניסטריישאָן פאָנד | 161.22 |
| קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט | 200.00 |
| פארשיידענעס | 50.04 |
| ס"ה איינאַהמע | $137,592.14 |
| באַלאַנס פון דעם 31טען מאַרטש 1919 | 42,859.85 |
| ס"ה | $180,451.99 |

## אויסגאַבען

| | |
|---|---|
| צו בראַנטשעס | $2,203.97 |
| צו מעמבערס עט לאַרדזש | 4.20 |
| טויטען בענעפיט | 40,450.00 |
| קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט | 3,100.00 |
| קראַנקען בענעפיט (צו מעמבערס עט לאַרדזש) | 1,146.00 |

### אינוועסטמענטס

| | |
|---|---|
| פוירניטשור און פיקסטשורס | 520.00 |

### סאַנאַטאָריום

| | |
|---|---|
| אויפהאַלטונגס | 19,862.91 |
| בילדינג | 218.00 |
| פוירניטשור און פיקסטשורס | 238.05 |
| סאַנאַטאָריום דעפּאָזיט | 137.14 |

### אדמיניסטראַציאָנס אויסגאַבען

| | |
|---|---|
| רענט | 750.00 |
| סאַלאַריעס | 6,139.50 |
| עקסטרא אָפיס ארבייט | 335.56 |
| פארשיידענעס | 260.87 |
| נאַציאָנאַלע באָארד אָוו דירעקטאָרען | 2.50 |
| גריוועגנס קאָמיטע | 195.65 |
| בענעפיט קאָמיטע | 148.43 |
| אָפיס קאָמיטע | 121.17 |
| אָודיטינג דעפּאַרטמענט | 524.55 |
| קאָמיטעס | 14.00 |
| רייזע קאָסטען | 84.88 |
| סטיישאָנערי און ביכער | 313.90 |
| פּרינטינג | 312.90 |
| אַדווערטייזמענטס | 172.45 |
| טעלעפאָן און טעלעגראַף | 142.68 |
| באַלייכטונג | 70.86 |
| קאָלעקשאָן און עקסטשענדזש | 52.93 |
| אָודיטאָר און עקטשוערי | 250.00 |
| אינשורענס פּובליקיישאָנס | 29.88 |
| פייער אינשורענס | 49.14 |
| צו סטייט אינשורענס קאָמישאָנערס פאר לייסענס | 170.00 |
| אָפיסערס באָנדס | 28.00 |
| עקספּרעסיידזש | 4.80 |
| ריפּיירינג | 35.00 |
| מעדיצינישע בעראַטונג | 8.00 |
| פּאָסטיידזש | 624.23 |

### אָרגאַניזאַציאָן.

| | |
|---|---|
| ניו יאָרק סטייט | 206.30 |
| ניו דזשוירזי סטייט | 75.38 |
| קאָנעקטיקוט סטייט | 14.25 |
| מערילאַנד | 13.01 |
| מעין | 38.86 |
| מינעסאָטאַ | 55.25 |
| אילינאָיז | 134.14 |
| פּענסילווייניא | 181.80 |
| וויסקאָנסין | 24.00 |
| קאַליפאָרניא | 52.81 |
| מישיגען | 37.88 |
| קענעדא | 63.75 |
| אלגעמיינע אָרגאַניזאַציאָנס ארבייט | 341.76 |

...מאַבער נאָך א שמערצליכע און דויערנדע קראַנקהייט. אונזער טיעפסטע מיטגעפיהל צו זיין פרוי און קינד.

וויטעבסקער בר. פון „בונד" 224 א. ר., מ. סלאווין, סעק.

מיר באַדויערען זעהר דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזערע 2 מעמבערס, קאלקשטיין, געשטאַרבען דעם 29טען דזשון 1919 און סאַם ווינשטיין, געשטאַרבען דעם 7טען אָקטאָבער 1919. און מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטע סימפּאַטיע צו די יונגע אלמנות און קינדער.

סמאָטרישער בר. 141 א. ר. מ. האלצמאַן, סעק.

מיט טרויער און שמערץ פון טיפען הארץ באַדויערען מיר אונזער בעסטען איבערגעגעבענעם פריינד דייוו יאבלאָן מיט זיין טרויער פאַמיליע, איבער דעם פאַרלוסט פון זייער שעהנער, באַליעבטער און גייסטרייכער דזשעני, געשטאַרבען נאָוועמבער דעם 4טען. מיר האָפען דאָס אונזער בעסטער פריינד און פאַטער וועט געפינען טרייסט ביי זיין איבעריגער פאַמיליע.

יעקב פרוזאנסקי, סעק. בר. 205.

אין נאָמען פון י. ל. פּרץ בראַנטש 589 א. ר. דריקען מיר אויס אונזער טיעפסטען מיטגעפיהל צו דער פרוי דזשעני דאלגין, ווי אויך די גאַנצע פאַמיליע אין זייער פאַרלוסט פון מאַן און ברודער יעקב דאלגין, וועלכער איז אויף א טראַגישע אופן דערהרג'עט געוואָרען ביי דער ארבייט דעם 18טען אָקטאָבער 1919. דער פאַרשטאָרבענער איז געווען איינער פון די גרינדער, אויך דער ערשטער סעקרעטער פון י. ל. פּרץ בראַנטש אין נוי־הייווען, ער איז געוועזען א הארציגער פריינד, א ליעבער מאַן צו זיין פרוי און איז געוועזען באַליעבט ביי יעדען אויגנעם פון דער היגער ארבייטער באַוועגונג.

יצחק יפה, רעק. סעק.

מיר דריקען אונזער טיעפסטען טרויער און שמערץ איבער דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פריינד בעני לאַפּער. מיר טיילען מיט אונזער סימפּאַטיע צו זיינע 2 שוואָגערס און מיטגלידער פון אונזער בר. זאָל אונזער טרויער זיין א טרייסט פיר זיין פרוי און קינדער.

בר. 97 א. ר. פלינער, סעק.

### פריוווילִיגע קאָנטריביושאַנס.

| | |
|---|---|
| פאַר די מלחמה קרבנות | $25,709.40 |
| ניו יאָרק קאָל פּרינטינג קאָ. | 649.75 |
| לאָורענס סטרייקערס | 590.33 |
| יונייטעד שיך ארבייטער | 151.00 |
| לאָס אַנדזשעלעס סאַנאַטאָריום | 119.00 |
| פאַר די רעליעף קאָמיטע פאַר פּוילישע אידען | 112.12 |
| דעבּס ביכער | 61.50 |
| היברו אימיגראַנט איִד סאָסייעטי | 17.00 |
| אידישע קאָנסאָמפּשאָן רעליעף סאָסייעטי אָוו דענווער | 15.00 |
| עקס פּאציענטען דענווער סאַנאַטאָריום | 7.00 |
| נאַטוראליזיישאָן איִד ליעג | 5.00 |
| רענד סקול | 4.00 |
| יאָנג פּיפּעל סאָשעליסט ליעג | 3.00 |
| ליעג פאַר באַפרייאונג פּאָליטישע פּריזאָנערס | 3.00 |
| 6טער א. ד. סאָשעליסט פּארטי | 2.10 |
| וואָרקערס דעפענס יוניאָן | 2.00 |
| ארבייטער רינג קאָאָפּערייטיוו סאָסייעטי | 1.50 |
| האַרלעם אידישע שולע | 1.00 |
| בראָנזוויל אידישע שולע | 1.00 |

### פארשיידענע אויסגאַבען.

| | |
|---|---|
| פריינד פאָנד | 4,746.70 |
| עדיוקיישאָנאַל ביוראָ | 1,688.87 |
| אידישע שולען | 423.80 |
| ארבייטער רינג לייבּרערי 1918 | 35.86 |
| ארבייטער רינג לייבּרערי 1919 | 1,779.10 |
| קאָנווענשאָן פאָנד | 21,604.33 |
| קאָנסטיטושאָנס, סערטיפיקייטס און אפּליקיישאָנס | 413.85 |
| בּרענטש סופּלייס | 1,299.36 |
| סעמעטערי דעפּארטמענט | 68.66 |
| אינטרעסט געלד | 52.00 |
| טעאַטריקאַל פּראָדאָקשאָן (בּרענטש 555) | 67.10 |
| קאַרל מאַרקס ביכער | 32.50 |
| בּרענטש באָנדס | 33.62 |
| ראָזענצווייג ביכער | 7.77 |
| נײשאָנאַל שורעטי קאָ. (דזש. וויינטרויב) | 60.00 |
| לייבּאָר ליעג | 20.00 |
| סוספּענס | 5.00 |
| פּאָסייק פּאָסט אָפיס | 500.00 |
| ס"ה אויסגאַבען | $140,254.56 |

### קראַנקען בענעפיט

| | | |
|---|---|---|
| אויסגעצאָהלט 7415 וואָכען | | $43,470.00 |
| 7075 וואָכען צו 6 דאָלאַר | $424.50 | |
| 840 וואָכען צו 3 דאָלאַר | 1,020 | |

קעש באַלאַנס דעם 30טען יוני 1919:

| | | |
|---|---|---|
| אין טשאַטהאַם און פעניקס נייש. באַנק | $33,993.92 | |
| אין פאַרמערס לאָון און טראָסט קאָ. | 4,341.70 | |
| אין אורווינג טראָסט קאָ. | 1,860.81 | |
| אין אורווינג טראָסט קאָ. | 1,860.81 | 40,196.43 |
| ס"ה | | $180,451.99 |

### טויטען קליימס.

רעפּאָרטעט אין 75טען קוואַרטאַל:

| | |
|---|---|
| קלאַס 1 | 35 |
| קלאַס 2 | 18 |
| קלאַס 3 | 16 |
| קלאַס 4 | 7 |
| | 76 קייסעס. |

| | |
|---|---|
| טאָטאַל אינשורענס | $21,500.00 |

געשטאָרבען פון

| | |
|---|---|
| טובערקולאָזיס | 10 |
| ניומאָניאָ | 23 |
| האַרץ קראַנקהייט | 6 |
| עקסידענטס | 1 |
| זעלבסטמאָרד | 1 |
| געהרגעט אין דער מלחמה | 3 |
| פארשיידענע קראַנקהייטען | 32 |
| ס"ה | 76 |

### פריינד אויסגאַבען.

| | |
|---|---|
| פּרינטינג | $2,245.95 |
| פּייפּער | 860.69 |
| רעדאַקציע | 325.00 |
| אַרטיקלען | 236.50 |
| מיילינג און ראַפּינג | 200.38 |
| עקספּרעסיידזש | 158.75 |
| פּאָסטיידזש | 306.69 |
| סאלאַריס | 556.00 |
| סטיישאָנערי | 17.91 |
| עקסטרא ארבייט | 7.02 |
| פארשידענעס | 18.97 |
| קאָמיטעס | 43.35 |
| רענט | 45.00 |

| | |
|---|---|
| עלעקטריקט קראַפט | 12.50 |
| מאַשינערי | 30.00 |
| ניוס-פּייפּערס און מאַגאַזינס | 12.18 |
| ס"ה | $5,076.89 |

אין קעש סטייטמענט זיינען זיי פאררעכענט אין פאָלגענדע אייטעמס:

| | |
|---|---|
| „פריינד" | 4,746.70 |
| פּאַסייק פּאָסט אָפיס | 500.00 |
| ס"ה | $5,246.70 |

צו דעם ווערט צוגערעכענט פאָלגענדעס:

| | |
|---|---|
| פריינד מאַשינערי | 30.00 |
| רענט אפּריל, מאַי און יוני | 45.00 |
| עלעקטריק קראַפט פאַר די זעלבע מאָנאַטען | 12.50 |
| באַלאַנס אין פּאַסייק פּאָסט אָפיס פון לעצטען קוואַרט. | 83.94 |
| ס"ה | $5,418.14 |
| פון דעם ווערט אַרונטערגערעכענט | 5,076.89 |
| בלייבט אַ באַלאַנס אין פּאַסייק פּאָסט אָפיס יוני 30טען, 1919, ווי עס ווערט אָנגעצייגט אין פאָלגענדען טייבּעל פון פארמעגען | $341.25 |

### פארמעגען און שולדען יוני 30טען, 1919.

#### פארמעגען

| | |
|---|---|
| באָנדס (פּאַר ווערטה $835,000) | $810,390.00 |
| קעש אין טשאַטהעם און פיניקס נײשאָנאַל בּענק | 33,993.92 |
| " אין פאַרמערס לאָאָן און טראָסט קאָ. | 4,341.70 |
| " אין אורווינג טראָסט קאָ. | 1,860.81 |
| " אין טשאַטהאַם און פיניקס נײשאָנאַל בּענק (סעקרעטער'ס אקאונט) | 1,200.00 |
| " אין סייווינגס בענקס | 12,599.16 |
| " אין סאַנאַטאָריום | 2,500.00 |
| סאַנאַטאָריום בילדינגס | 98,272.49 |
| סאַנאַטאָריום פאַרם | 8,500.00 |
| סאַנאַטאָריום לייף סטאָק | 783.78 |
| סאַנאַטאָריום פאָרניטשור און פיקסטשורס | 14,741.33 |
| אָפיס פאָרניטשור און פיקסטשורס | 4,527.35 |
| פריינד פאָרניטשור און מאַשינערי | 784.76 |
| בּרענטש סופּלייס | 1,610.07 |
| עדיוקיישאָנאַל ביכער פּלייטס | 1,300.00 |
| באַלאַנס פון בּרענטשעס | 21,205.86 |
| באַלאַנס פון מעמבערס עט לאַרדזש | 298.83 |
| באַלאַנס אין פּאַסייק פּאָסט אָפיס | 341.25 |
| אויסגעצאָהלט וויינטראוב געלדער | 1,277.03 |
| טעאַטריקאַל פּראָדוקשאָן (בּר. 555) | 167.10 |
| גאַראַנטירטע מאָרטגיידזשעס (5%) | 42,500.00 |
| ס"ה פארמעגען | $1,063,695.44 |

#### שולדען.

| | |
|---|---|
| גאַרדיענשיפּ קליימס | $8,864.51 |
| טויטען בענעפיט קליימס | 46,410.00 |
| אפּליקיישאָנס פאַר אפּרואוואַל | 1,823.88 |
| סעמעטערי דעפּארטמענט | 862.72 |
| סאַניטאַריום דעפּאָזיט | 3,079.29 |
| רוסישע רעוואָלוציאָנערען פאָנד | 585.25 |
| לייבּאָר ליעג | 500.00 |
| וואָלונטערי קאָנטריביושאָנס | 2,469.67 |
| בענעפישערי אָף ת. האַרן | 41.00 |
| בענעפישערי אָף ה. קליפּער | 41.00 |
| בר. באָנדס | 000.00 |
| סוספּענס | 84.56 |
| דזש. מידלאָוו | 600.00 |
| מ. ספּערק | 108.07 |
| פּ. יודאָוו | 33.17 |
| פּאָסטיידזש | 34.68 |
| ס"ה שולדען | $65,537.80 |
| פארמעגען איבער שולדען | 988,157.64 |
| סך הכל | $1,063,695.44 |

### בּרענטשעס.

| | |
|---|---|
| צאָהל בּרענטשעס מאַרטש 31, 1919 | 597 |
| נייע בּרענטשעס אינסטאָלירט | 10 |

בּרענטש 229 ניו יאָרק סיטי.
" 377 שיקאַגאָ, אילינאָיז.
" 334 ברוקלין, נ. י.
" 472 שיקאַגאָ, אילינאָיז.
" 524 ס. שיקאַגאָ, איל.
" 574 אַסטאָריאַ, לאָנג איילאַנד.
" 584 קענזעס סיטי, מיזורי.
" 605 באַלטימאָר, מד.
" 617 ביווער פאָללס, פּא.
" 618 ניו יאָרק סיטי.

| | |
|---|---|
| צאָהל בּרענטש. אין עקזיסטענץ יוני 30, 1919 | 607 |

# אפיציעלע צירקולארען

## צו אונזער צוואנציגסטער יעהרליכער קאנווענשאן — צוואנציג טויזענד נייע מעמבערס, פופציג טויזענד דאלאר פאר די מלחמה קרבנות.

### צו אלע ברענטשעס פון ארבייטער רינג!

ווערטהער פריינד סעקרעטער: —

ווי איהר ווייסט, טרעט ארויס אין קראפט, אנפאנגענדיג מיט'ן יאהר 1920, די נייע טויזענד דאלאר פאליסי. מיר האבען אין א פריהערדיגען בריעף צו אייך גאנץ דייטליך ערקלערט ווי אזוי די טשארדזשעס פאר דיזער פאליסי וועט געמאכט ווערען, און ווי אזוי עס וועלען געטשארדזשט ווערען די יעניגע אלטע מעמבער, וועלכע ווילען זיך טראנספערירען פון א קלענערען קלאס צו א העכערען ביז טויזענד דאלאר אינשורענס.

ווען איינער, וועלכער איז ניט עלטער פון 45 יאהר, וויל זיך טראנספערירען צו א 1000 דאלאר פאליסי, דארף ער זיך לאזען עקזאמינירען ביי א דאקטאר, פונקט ווי ס'איז דער פאל מיט א קלענערע אינשורענס צו א העכערע. דער אפיס האט צוגעגרייט ספעציעלע טראנספער בלענקס, און מיר שיקען אייך דא איניגע פון זיי.

מיר האפען, אז די סעקרעטערע וועלען אין דעם ניט האבען קיינע שוועריגקייטען דורכצופיהרען דיזע נייע רעפארם.

מיט פריינדליכען גרוס,

נאצ. עקז. קאמ., אפיס דעפארטמענט, ארב. רינג.

י. באסקין, דזשענ. סעק.

## צו אונזער צוואנציגסטער יעהרליכער קאנווענשאן — צוואנציג טויזענד נייע מעמבערס, פופציג טויזענד דאלאר פאר די מלחמה קרבנות.

### צו אלע ברענטשעס פון ארבייטער רינג!

ווערטהער פריינד סעקרעטער: —

מיר ווילען ציהען אייער אויפמערקזאמקייט צו דעם פונקט פון אונזער קאנסטיטושאן, וועלכע זאגט, אז ברענטשעס קענען בלייבען שולדיג צום דזשענעראל אפיס ניט מעהר ווי 10 פראצענט פון זייערע בילס.

מיר ווילען אייך דערביי באמערקען, אז ס'איז זעהר וויכטיג דאס די ברענטשעס זאלען איינצאהלען אין דזשענעראל אפיס יעדען סענט וואס זיי קומען, איבערהויפט אין דעם יעצטיגען קווארטאל, ווען מיר דארפען שליסען אונזערע ביכער, און אונזערע סטייטמענטס דארפען געשיקט ווערען צו די פארשיידענע אינשורענס דעפארטמענטס.

די שולדען, וואס די ברענטשעס קוסטען דעם דזשענעראל אפיס, ווערען פון דעם אינשורענס דעפארטמענט ניט אנערקענט אלס א פארמעגען, און פאלגליך ליידעט דער ארבייטער רינג ספעציעל א פארלוסט פון דעם וואס די ברענטשעס שיקען ניט ארויין די בילס ביזן זאס זיי קומען דעם דזשענעראל אפיס, דאס הייסט, אונזער פארמעגען איז ביסעל קלענער ווי עס איז אין דער ווירקליכקייט. איבערהויפט פארשטעהען מיר ניט ווארום פילע ברענטשעס צאהלען ניט זייערע בילס. אין דער צייט ווען מיר ווייסען אז דיזע ברענטשעס האבען געלדער אין די ביינקס.

מיר רעכענען צו אייך וועט נעמען אין אנבעטראכט דיזען פונקט, און זעהן אז אלע שולדען צום דזשענעראל אפיס פון אייער ברענטש, זאל אויסגעצאהלט ווערען ביז ענדע יאהר.

נאצ. עקזעקוטיוו קאמ., ארב. רינג, אפיס קאמיטע.

י. באסקין, דזשענ. סעק.

## צו אלע ברענטשעס פון ארבייטער רינג!

ווערטהער פריינד סעקרעטער:

מיר ווילען ציהען אייער אויפמערקזאמקייט אויף דעם לעצטען באשלוס פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע אין באצוג די געדרעפטעטע מעמבערס.

ווי איהר ווייסט, האבען מיר ביז יעצטיגען טאג געהאט א טעקס פון 10 סענט פאר די געדרעפטעטע מעמבערס, אום צו מאכען גוט זייערע דיוס, ביז די צייט ווען זיי וועלען זיך אומקערען פון דער ארמיי. ס'איז א באשטימטער פאקט, אז די גאנצע אמעריקאנער ארמיי איז שוין כמעט דימאבאליזירט, און נור א גאנץ קליינער פראצענט איז נאך געבליבען אין דיענסט. אין אונזער אפיס אבער איז נאך די צאהל געדרעפטעטע זעהר גרויס, און דאס קומט דערפון וואס די מעמבערס אליין האבען ניט געלאזט וויסען זייערע סעקרעטערע, אדער אין דזשענעראל אפיס, אז זיי האבען זיך אומגעקערט פון דער ארמיי. מיר קענען אבער ניט אנהאלטען א פאנד און טשארדזשען די גאנצע מעמבערשיפ אויף ווייטער צוליעב דעם וואס די געדרעפטעטע מעמבערס זיינען ארויז נאכלעסיג.

דאריבער איז באשלאסען געווארען, אז דיזער פאנד זאל אין גאנצען אפגעשאפט ווערען פון דעם אנפאנג פון יאנואר 1920, און אויך די פריווילעגיע וואס די געדרעפטעטע מעמבערס האבען געהאט זאל דערמיט אויך אפגעשאפט ווערען. דאס הייסט, אז מיט דעם אנפאנג פון יאהר 1920 וועלען אלע מעמבערס דארפען צאהלען זייערע דיוס.

די סעקרעטערע זיינען געבעטען צו האבען דאס אין זינען, און אויך זעהן צו לאזען וויסען וועגען דיזען באשלוס צו אלע מעמבערס. מיט איין ווארט: קיינע קרעדיטס און קיינע טשארדזשעס פאר געדרעפטעטע מעמבערס. עס פארשטעהט זיך, אז אין אויסנאהמס פעלע, ווען מעמבערט וועלען קענען ווירקליך באווייזען, אז אין דער צייט פון דעם 1טען יאנואר 1920 זייבען זיי נאך געווען אין דער ארמיי, ווען אזעלכע סטייטמענטס וועלען צוגעשיקט ווערען אין דזשענעראל אפיס, וועט דער אפיס זיי קענען דערנאך געבען קרעדיט פאר זייערע דיוס פון דעם סורפלוס וואס איז נאך געבליבען פון דעם דרעפט-פאנד.

נאצ. עקזעקוטיוו קאמיטע, ארב. רינג,

י. באסקין, דזשענ. סעק.

### צו אלע ברענטשעס פון ארבייטער רינג.

### אונזער מאטא איז: 1 נייער מעמבער און 1 דאלאר פון יעדען מעמבער ביז'ן קאנווענשאן.

ווערטהער פריינד סעקרעטער:

מיר ווענדען זיך נאכאמאל צו אייך צו דערמאנען אייך וועגען אונזערע 2 גרויסע קאמפיינס: וועגען די 20 טויזענד נייע מעמבערס ביז'ן קאנווענשאן, און 50 טויזענד דאלאר פאר די מלחמה קרבנות.

פריינדע, דיזע 2 קאמפיינס מוזען זיין אן ערפאלג היינטיגען יאהר. דער ארבייטער רינג קען זיך ניט ערלויבען צו האבען א דורכפאל. אונזער קומענדער קאנווענשאן איז א יובילעאום קאנווענשאן. צוואנציג יאהר צייט זינט דער ארבייטער רינג עקזיסטירט. 20 יאהר צייט האט דער ארבייטער רינג דורכגעמאכט די שווערסטע און שטורמדיגסטע ארבייט, און ארויסגעקומען שטארקער, רייכער און מעכטיגער פון אלע שטערענישען און שוועריגקייטען וואס ער האט באגעגענט אויף זיין וועג, און מיר מוזען פארעוויגען דיזען יאהר מיט עטוואס גראנדיעזעס, מיט עטוואס אונגעוועהנליכעס. און די דורכפיהרונג פון דיזע צוויי קאמפיינס וועט זיין דיזער מאנומענט, וועלכער זאל מיט גילדערנע בוכשטאבען פארשרייבען די טאטען פון אונזער ארגאניזאציאן.

עס מוז ווערען לעבעדיג אין אלע ברענטשעס, עס מוז זי גלייך אנפאנגען א לעבעדיגע מעכטיגע טעטיגקייט אויף דיזע ביידע געביעטען. דער פעלד איז א גרויסער, עס איז דא גענוג פלאץ אין דעם ארבייטער רינג פאר אלע ראדיקאלע עלעמענטען, פון וועלכע ניט איז שאטירוטגען. רעדט צו אייערע פריינד, רעדט צו אייער שכן, וועלכער וואהנט נעבען אייך אין הויז, מיט וועמען איהר ארבייט אין שאפ, מיט וועמען איהר באגעגענט זיך אין סטריט. ערקלערט איהם וואס דער ארבייטער רינג איז, און מיר זיינען זיכער, אז איהר וועט האבען ערפאלג.

דאס זעלבע וועגען דעם 50 טויזענד דאלאר קאמפיין. יעדען סענט וואס איהר קאלעקטירט, יעדע פעני וועלכע די ברענטשעס קריגען אריין פאר דיזען הייליגען צוועק, דארף געשיקט ווערען אין דזשענעראל אפיס, און זאגאר די געלדער וועלכע איהר זאמעלט צוזאמען מיט אייערע לאנדסלייט פאראיינען, קענט איהר שיקען דירעקט אין אפיס, און דער אפיס וועט אייך ארויסגעבען א טשעק פאר די ארגאניזאציאנען פאר וועלכע איהר וועט אליין אנצייגען, אויב איהר וועט דאס געפינען פאר נויטיג. ווען ניט, וועט דער אפיס דיזע געלדער איבערגעבען צו דער פיפלס רעליעף. מיט איין ווארט, פריינדע, נעהמט זיך גלייך פאר דער ארבייט, און מיר האפען אז מיט אייער הילף און מיטווירקונג וועלען דיזע ביידע קאמפיינס אריבערשטייגען די נארמע וועלכע מיר האבען זיך אליין געשטעלט.

נאצ. עקזעקוטיוו קאמיטע, ארב. רינג,

י. באסקין, דזשענ. סעק.

## אינסטאלירונג פון דער נ. י. ארג. קאם.

מאנטאג דעם 8-טען סעפ. איז אין אפיס פון אר. רינג פארגעקומען די אינסטאלירונג פון דער נ. י. ארגאניזאציאנס-קאם. פון דער נאציאנאלער ארגאניזאציאנס קאם. זיינען אנוועזענד די פ' עפשטיין, דינערשטיין, עבעריל, און קרינסקי. פ. דינערשטיין עפענט די זיצונג. ער שטעלט זיך איבערהויפט אפ אויף די 2 גרויסע קאמפיינס, דעם 50 טויזענט דאל. רעליעף פאנד און 20 טויזענט נייע מיטגלידער. ער ווייזט אן אויף דער גוטער ארבייט וואס די קאמ. האט דורכגעפיהרט דאס לעצטע יאהר, און ער איז זיכער, אז היי-יאהר וועט די ארבייט פארגרעסערט ווערען. ער שטעלט דערנאך פאר פ' אב. עפשטיין'ען, וועלכער אינסטאלירט פייערליך די קאם. אפיציעל, און דריקט אויס זיין צופרידענהייט מיט דער ארג. קאמיטע'ס גוטער ארבייט: „קיין קאמיטע אין לאנד האט אזוי טיכטיג ניט געארבייט" — האט פ' עפשטיין ערקלערט. נאך דער אינסטאלירונג זיינען פארגעקומען וואהלען. פ' דינערשטיין פון בר. 99 איז ערוויילט געווארען טשערמאן, פ' לאנגער פון בר. 42 סעקרעטער און פ' הערמאן פון בר. 233 אלס געהילף-טשערמאן. פ' נאכאמקין פון בר. 500 אלס פארטרעטער צו דער נצנ. עקז. קאם.

עס האבען אויך גערעדט די פ' עבעריל און קרינסקי.

די קאמיטע, פון איהר זייט, האט זיך גלייך גענומען צו דער פראקטישער ארבייט, ווי פאר א יאהרען, צו פארווירקליכען די אויפגאבען פון די צוויי גרויסע קאמפיינס, וואס דער א. ר. פיהרט.

א. לאנגער, סעק.

# ארבייטער רינג נייעס

## נייע טשארטערס.

מיר זיינען געטשארטערט געווארען אין די לעצטע צוויי מאנאטען אין די סטייטס פון מינעסאטא און טעקסאס.

* * *

## וועגען א היים פאר אונזערע זקנים.

אין ניו־יארק געהט יעצט אן א שטארקע באוועגונג, אז דער א. ר. זאל זיך נעמען בויען אן אייגענעם מושב־זקנים פאר די אלטע מיטגלידער.

* * *

## ארבייטער־רינג נייעס.

ביז צום ערשטען אקטאבער האבען שוין פונקציאנירט 19 א. ר. קינדער־שולען און מיט און־און־דרייסיג שמעט שטעהט די נאצ. עדיוקיישאנעל קאמ. אין פארבינדונג וועגען דער עפענונג פון נייע איין־און־דרייסיג שולען.

---

### יובילעאומס:

בר. 478, באוואוסט אונטער דעם נאמען דער שלום־עליכם ברענטש פון שיקאגא, האט געפייערט דעם 11טען אקטאבער זיין דריי־יעהריגען יובילעאום און די ערעפענונג פון זיין אידישע ביבליאטעק. דער יובילאום איז פייערליך דורכגעפהרט געווארען מיט א גרויסארטיגען קאנצערט און פעסט־רעדעס פון לואי בענענסאן, נאצ. דירעקטאר פון אירינאיז, לואי רייגגאלד, פארוואלטער פון די שיקאגא'ער ארב. רינג שולען און ב. קאבלענץ, סעק. פון דער סיטי סענטראל קאמ.

---

בר. 367 א. ר. דער ווילנער יוגענד־ברענטש האט דעם צוועלפטען אקטאבער געפייערט זיין צעהן יעהריגען יובילעאום אין דעם פרעכטיגסטען קאנצערט־זאל אין ניו יארק, אין דער סענטראל אפערא האוז, מיט צוויי ארקעסטערס און קאנצערטאנטען. אויף דער שמחה זיינען אנוועזענד געוועזען ארום ניין הונדערט פערזאן צווישען וועלכע עס זיינען געוועזען אב. קאהאן און מרס. קאהאן, ב. וולאדעק און מרס. וולאדעק, אב. עפשטיין, ר. גוסקין און מרס. גוסקין, ל. ראטמאן, פ. געליעבטער, י. ב. ביילין, ש. בולגאטש און נאך אייניגע באקאנטע טוער פון דער א. ר. באוועגונג. ס'איז אויפ'ן פלאץ געזאמעלט געווארען 1,000 דאלאר פאר'ן ווילנער רעליעף. דער ברענטש האט אויך ארויסגעגעבען א זאמעל־בוך־סואוועניר, וואס אטעמט מיט פרישקייט און שעהנקייט. מ'קען עס אנרופען א ווילנער מאנומענט אין מיניאטור. דער זאמעל־בוך איז ארויסגעגעבען מיט ליעבע און געשמאק, אונטער דער רעדאקציע פון מ. גאלדינג, און ד. גאלדמאן.

אלס אנערקענונג פאר דער אונערמידליכער און ענערגישער ארבייט איז פר. מ. גאלדינג פרעזענטירט געווארען מיט א זילבערנעם לאווינג־קאפ, און פר. קאץ מיט א ווערטפולען פרעזענט.

דער ברענטש האט צו זיין יום־טוב געשיקט א שעהנע מתנה דעם א. ר. סאניטאריום — א אויטאמאטישע פיאנא אין ווערט פון ארום פינף הונדערט דאלאר.

* * *

בר. פינף־און־צוואנציג א. ר. קיעווער, האט דעם זעקס־און־צוואנציגסטען אקטאבער געפייערט זיין בער־מצוה יובילעאום. בר. פינף־און־צוואנציג האט באשלאסען צו זאמלען פאר'ן רעליעף טויזענט דאלאר.

אי וויל אייך באריכטען אז בר. 18 א. ר. האט געהאט א פראכטפאלען באנקעט פאר אונזערע אייניגע צוריקגעקומענע סאלדאטען, אויף וועלכען עס איז צוזאמענגעקליבען געווארען פאר'ן רעליעף פאנד פון א. ר. 25.10$ אויך האבען מיר געמאכט א פיק־ניק און מיר האבען געמאכט פאר דעם זעלבען צוועק 80.00$ און דאס געלד האב איך געשיקט אין ארדען. ביטע דאס צו באריכטען אין „פריינד".

איך ווינש דעם א. ר. גרויס סוקסעס אין זייער טיכטיגער אונטערנעמונג.

א. שאפירא, סעק. בר. 18 א. ר.

---

### פראג. קאוולער י. פ. בר. 475 א. ר.

שוין צעהן יאהר איז פאראיבער אז מיר האבען זיך אנגעשלאסען אן א. ר. פיעלע קריטישע מאמענטען האט אונזער ברענטש איבערגעלעבט און עס איז געוועזען צווייפעלהאפט אויב מיר וועלען קאנען אינטאנצען עקזיסטירען און א דאנק אונזער פריוועליגקייט האט אונז קיין אונטערנעמונג ניט געשראקען און אפגעשטעלט פאר דעם עקזיסטענץ פון אונזער ברענטש און אונזער ציעל איז עררייכט. מיר האבען אונזער ברענטש אויפגעבויט אויף א זיכערען און פעסטען פונדאמענט און מיר האבען טאקע געפייערט אונזער צעהן יעהריגען יובילעאום מיט איין פראכטפאלען קאנצערט, באנקעט און באלל, זונטאג, דעם 2טען נאוועמבער.

יובילעאום קאמ. בר. 475 א. ר.
מ. נעוויווריץ,

---

בר. 242 האט דעם 12טען אקט. געפייערט די פארמעלע ערעפענונג פון זיין לוידיעס אוקזילערי. ווי עס שרייבט אונז דער סעקר. פון בר. פר. ביערמאן, איז דער באנקעט, וואס איז אפגעהאלטען געווארען אין מרס. מ. ד. ביערמאנ'ס הויז געוועזען א פראכטפולער. מ'האט אויך ניט פארגעסען אן די מלחמה־קרבנות. ס'איז געזאמעלט געווארען אויפ'ן שטעל 21.50$, וואס וועט איבערגעשיקט ווערען אין גענעראל אפיס.

---

בר. 395 ראק איילענד, האט דעם 1־טען נאוו. געפייערט דעם 2 יעהריגען יובילעאום פון זיין א. ר. שולע. אויף דעם גורל פון דעם ברענטש איז אויסגעקומען צו עפענען די ערשטע טעגליכע א. ר. קינדער־שולע. אין יענער צייט זיינען נאך קיינע ספעציעלע אלגעמיינע פאנ־

דען נישט געווען פאר דעם צוועק ווען עס איז אויסגעקומען די קנאפ־
צעהן מנינים א. ר. מיטגלידער אין ראק־איילענד אויסצוהאלטען מי
זייערע אייגענע כחות די שווערע אונטערנעמונג. די שמחה איז ר
ריבער געווען א גרויסע און אן אמת'ע, בפרט נאך ווען דער גאנצ
פראגראם איז דורכגעפיהרט געווארען פון די קינדער אליין.

---

בר. 258, פוראווער האט געפייערט זיין צעהן־יעהריגען יובילעאו
דעם 8־טען נאוועמבער דורך אן אנציהענדען באל.

---

בר. 889 קרינקער, ארראנזשירט א גרויסארטיגען באל צו פייער
זיין צעהן יעהריגען יובילעאום, וואס קומט פאר דעם 24טען יאנואר

---

בר. 165, סקווערער, האבען אויף א ספעציעלען מיטינג פון זייער
אייגענע מיטגלידער אויפגעקליבען 1,700$ (זיבעצעהן הונדער
דאלער) איגגאנצען זיבען אנוועזענד געווען 85 מיטגלידער.

דאס איז נאך אבער ערשט אן אנהויב. דער ברענטש האט פעס
באשלאסען צו שאפען פאר דעם א. ר. פופציג טויזענט דאלער פינ
טויזענט דאלער און אז אונזערע סקווערער זאגען צו איז עס שוי
אזוי גוט ווי דאס געלט וואלט געווען. מיר וואלטען וועלען וויסע
דעם נומער פון דעם ברענטש, וועלכער וועט זיך פרובען מעסטען מי
דעם פארהעלטניסמעסיג קליינעם בר. ווי עס איז בר. 165.

---

בר. 267 פון דער ווייטער און קאלטער נארט־וועסט האט א גאנ
ווארעמע הארץ צו די ארבייטען פון א. ר.; זיי נעמען יעצט אונטע
א לעקטשור דורך דער עד. קאמ., וואס וועט זיי קאסטען א היבש
עטליכע צעהנדליג דאלער. זיי האבען אריינגעשיקט לעצטענס 53.50
פאר די מלחמה קרבנות.

---

בר. 848 פון לינקאלן, נעבראסקא האט אין אקטאבער געפייערט
זיין צעהן יעהריגען יובילעאום מיט א גרויסארטיגען קאנצערט או
באנקעט. עס זיינען געווען פארטראטען די א. ר. ברענטשעס פו
אמאהא און סאוטה־אמאהא, ווי אויך דער אידישער ס. פ. בר. פו
אמאהא.

---

בר. 83, קאווגער, האט געפייערט שבת דעם 22־טען נאוועמבע
זיין פופצעהן־יעהריגען יובילעאום מיט א גרויסארטיגען באנקעט או
קאנצערט. דער זיידע מארים ווינטשעווסקי, אלס לאנדס־מאן, אי
געווען איינער פון די חשוב'ע געסט. פר. ז. שפייער האט פארטראטע
די נאצ. עקז. פון א. ר. און פריינד ליפשיץ טאסט־מאסטער. קיין וואונ
דער נישט, וואס אויפ'ן ארט איז געזאמעלט געווארען 300$ פאר'ן
רעליעף.

---

בר. 300, סואוואלקער און וואלקאווויסקער, האט געפייערט זונ
טאג דעם 23טען נאוו. זיין צעהן־יעהריגען יובילעאום מיט א שעהנע
באנקעט און טאנץ־אווענט. פון דער נאצ. עקזעקוטיווע איז געווע
פארטראטען פר. ז. שפייער און אויף זיין אפיעל איז אויפ'ן ארט גע
זאמעלט געווארען 151.00$ פאר'ן רעליעף.

---

בר. 183 האט געפייערט יין 12־יעהריגען יובילעאום דעם 13־טע
דעצ. מיט א גרויסער באל־אונטערנעמונג, וועמענס גאנצער איינקונפ
געהט פאר'ן רעליעף.

---

בר. 245, בערדיטשעווער, האט אנגעהויבען זיין „דראיוו" פאר'ן
רעליעף דורך א באל, דעם 13־טען דעצ. וואס האט גלייכצייטיג גע
דיענט אלס פייערונג פון זיין 11־יעהריגען יובילעאום.

---

## אונזערע פרייגיביגע ברענטשעס.

בר. 165 א. ר. האט אדורכגעפיהרט א געלט־זאמלונג פאר די פא
ליטישע און אינדוסטריעלע ארעסטירטע און אריינגעשיקט אין אפיס
.$18.00

---

בר. 99 א. ר. מינסקער, האט באשלאסען צו געבען פינף טויזענט
דאלער פאר'ן מינסקער רעליעף. א טשעק אויף פופצעהןהונדערט
דאלער האט ער שוין אריינגעשיקט אין ענדע פון אקטאבער.

---

בר. 39, פון ארשער און מאהליווער, גיט א מאסקאראד באל דעם
24טען דעצעמבער, וועמענס גאנצע איינגאהמע געהט פאר'ן רעליעף.

---

בר. 189 דובראוונער האט געטעקסט אלע מיטגלידער מיט פינף
דאלער פאר'ן רעליעף. אינטערעסאנט איז דער לייכטער אופן, ווי
אזוי דאס געלט וועט ווערען קאלעקטירט. עס ווערט ערלויבט וועכענט
ליך אויסצוצאהלען א מינימום פון 10 סענט און אין פארלויף פון
יאהר אויסצאהלען די סומע.

בר. 225, אדעסער, האט ארגאניזירט א מאסקאראד באל דעם 22טען נאוועמבער. 25 פראצענט פון פראפיט איז איבערגעגעבן געווארען דער רעליעף.

---

בר. 75, דווינסקער־בונדיסטען, האט בייגעשטייערט פון דער מרע־ושורי הונדערט דאלער פאר'ן „בונד" אין פוילען.

---

בר. 324, לאדזשער בונדיסטען, האט בייגעשטייערט פאר'ן „בונד" פופציג דאלער פון דער טרעזשורי, אלס אן אנהויב. פאר'ן רעליעף האט ער געטאקסט אלע מיטגלידער מיט פינף דאלער, אויסצוצאהלען ראַ־טענווייז.

---

בר. 395, ראָק־איילענד, האט געהאט דעם 27טען נאוו. אן אונטער־נעמונג פאר'ן רעליעף. דער בר. האט זיך אונטערגענומען צו שאפען 500 דאלער.

---

דער פיעטריקאווער בר. 368 האט געפייערט זיין צעהן־יעהריגען יובילעאום מיט אן אינטערעסאנטען קאנצערט אין „פארווערטס" האל. דער גאנצער פראפיט איז אוועקגעגעבן געווארען פאר די מלחמה־קרבנות.

---

דער ביאליסטאקער ברענטש 88 א. ר. האט געפייערט זיין 15 יעה־ריגען יובילעאום, שבת דעם 6טען דעצעמבער.

ברענטש 88 איז איינער פון די גרעסטע ברענטשעס פון ארבייטער רינג און האט זיך די גאנצע צייט פון זיין עקזיסטענץ אויסגעצייכענט מיט זיין סאציאליסטישען גייסט און מיט זיין שטיצע פאר דער סאָ־ציאליסטישער באוועגונג בפרט און פאר דער ארבייטער באוועגונג אין אלגעמיין.

---

# באריכטען

## פיטסבורגער דיסטריקט קאמיטע.

זונטאג דעם 28טען סעפ. האט זיך די דיסטריקט קאם. פארזאמעלט אין פיטסבורגער לייבאר ליסעאום. די פאלגענדע ניין ברענטשעס זיינען געווען פארטראטען: בר. 45, 250, 104, 161, 158, 416, 488, 431, 590, 296 און בר. 617. אלס טשערמאן ווערט ערוועהלט פ' בעקקער פון בר. 250, און אלס געהילפען פ' קרינגמאן פון בר. 416 און פ' באזעל פון בר. 161. פ' ארקין, דער דיסטריקט סעק. גיט אפ א באַ־ריכט פון דער ארבייט פאר'ן פארגאנגענעם יאהר. ער ווייזט אן אויף די גרויסע שוועריגקייטען וואס זיינען געלעגען אין וועג, און טראָ־דעסטוועגען האט מען פארהעלטניסמעסיג אויפגעטאן א סך. נאך פראַ־גען און דיסקוסיעס ווערט דער באריכט אנגענומען. די דעלעגאטען פון די בר. געבען אפ זעהר פרייליכע באריכטען. אומעטום ארבייט מען די אר. רינג מיטגלידער פאר'ן רעליעף, העלפען גרינדען קאאפער־ראטיווען, ארבייטער־צענטרען און עפענען קלאסען וואו מ'לערנט זיך אידיש און אנדערע געגענשטאנדען. וועגען נאציאנאלען מיטגלידער־קאמפיין ווערט באשלאסען צו געבען יעדען מיטגלד וואס וועט אריינ־נעמען 8 געווינטע צאל נייע מיטגלידער א גאלדענעם בעכער, א חוץ דער מתנה פון 5 ביכער פון נאצ. אפיס.

ס'ווערט באשלאסען, אז אלע רעליף־געלדער זאלען געשיקט ווערען אין נאציאנאלען אפיס; די נאצ. עקז. זאל אבער זעהן, אז דאס געלט זאל וואס שנעלער קווימירט ווערען אין „פארווערטס". ס'איז אויך באשלאסען געווארען, אז די דיסטריקט קאנפערענץ זאל יעדעס יאהר ערוועהלען די מיטגלידער פאר דער דיסטריקט עקזעקוטיווע. די שטאדט פיטסבורג איז באשטימט געווארען פאר דער נעקסטער קאנפערענץ.

נאך דער פארהאנדלונג פון א סך וויכטיגער פראגען ווערט די קאנפערענץ געשלאסען.

ה. ב. באזעל, קאנפ. סעק.
ל. ארקין, דיסטריקט סעק.

---

## פילאדעלפיער אר. רינג קאנפערענץ וועגען אר. רינג סאניטאריום.

זונטאג דעם 21־טען סעפטעמבער איז אין פילאדעלפיא אפגע־האלטען געווארען א קאנפערענץ פונדי אר. רינג ברענטשעס, כדי צו פארהאנדלען די קלאגעס וואס א פאר געוועזענע און איצטיגע סאני־טאריום פאציענטען האבען געבראכט קעגען דער סאניטאריום־קאם. 26 ברענטשעס זיינען געווען פארטראטען דורך 64 דעלעגאטען. טשער־מאן איז געווען פ' טייטעלמאן פון בר. 265 און סעק. פ' מאליסמאן פון בר. 520. פון דער גענעראל עקז. זיינען אנוועזענד געווען אב. עפשטיין, נאצ. טשערמאן, און ר. גוסקין, טשערמאן פון דער סאניט. קאם. און פר. מאקס פערלאוויץ. נאך לענגערע דעבאטען און אינטער־רעסאנטע, איבערציינענדע רעדעס פון די פריינד עפשטיין, גוסקין און פערלאוויץ האט די קאנפערענץ ארויסגעטראגען א דאנק־רעזאלוציע דער סאניטאריום־קאם. פאר איהר האנדלונג און צו טאדלען אלע די, וואס ווילען שעדיגען דעם א. ר. דורך קליינליכע פערזענליכע חשבונות.

רזשיי. מאליסמאן, סעק.

---

## אמאהא טעריטאריעלע קאנפערענץ.

די לעצטע צוויי קאנפערענצען, וואס מיר האבען געהאט, זיינען געווען ערפאלגרייכע פון אלע שטאנדפונקטען. זיי זיינען געווען באַ־זוכט פון פארטרעטער פונקטעט יעדען ברענטש אין דיסטריקט. הויפט־זעכליך אבער זיינען די זיצונגען געווען זעהר אינטערעסאנט, ווייל זיי האבען געקאכט מיט לעבען און טאג־פראגען. ניטש נאר זיינען אויסגעהערט געווארען באריכטען פון אלע ברענטשעס, וואס האבען ערמוטיגט די דעלעגאטען, נאר עס האבען זיך געפיהרט אינטערעסאנטע און אינטעליגענטע דיסקוסיאנען איבער פארשידענע טאגעס־פראגען, ווי א. ר. שולען, קאאפעראטיווע אונטערנעמונגען, די ארבייט פאר'ן מעמבערשיפ קאמפיין און די הייליגע ארבייט פאר'ן רעליעף. די קאנפ. האט אויך פארהאנדעלט די פראגע וועגען סאציאליסטישער טע־טיגקייט צווישען די מיטגלידער.

די דעלעגאטען זיינען זיך צופאהרען מיט פיעל באגייסטערונג פאר דער אדורכפיהרונג אויף א גלענצענדען אופן ביידע א. ר. קאמ־פיינס.

נ. הילל און פ. סילווער, פרעס־קאם.

---

## די אר. רינג שול פון ראטשעסטער.

אז די אידישע אר. רינג שולען וועלען זיין ערפאלגרייך, באווייזט אונז ראטשעסטער. די שול האבען מיר געעפענט מיט 22 קינדער דעם 15טען יוני און איצטער האבען מיר ארום 90 קינדער וואס לערנען 5 מאל א וואך. אונטער דער פיהרונג פון זייער לעהרער, פ' מיכל גילבארט, האבען די קינדער געמאכט א גרויסען פראגרעס אין זייער לערנען. די קינדער באטייליגען זיך אין אלע שול־קאנצערטען, און אויפ'ן לעצטען קאנצערט האבען די אנוועזענדע בייגעשטייערט 65 דאל. פאר נייע טישלאך און שטולען, ווען די שול וועט זיך אריבער־ציהען אין ליבאר ליסעאום, וואס וועט זיך באלד עפענען.

אלס אנדענק פון דער ערעפענונג פון ל. ל. ווערט ארגאניזירט א נייער אר. רינג בר.

מיר ארבייטען זעהר הארמאניש מיט דער סיטי און דיסטריקט קאמיטע, און די ארבייט ווערט אנגעפיהרט אויפ'ן בעסטען אופן.

חנוכה וועלען מיר האבען א גרויסען קאנצערט, צו וועלכען עס גרייט זיך צו דער דראמאטישער און געזאנגס־קלוב פון די עלטערע קינדער.

פאר דער שול קאמיטע, א. שולמאן, סעק.

---

## קרעמלאווער פראג. אסאסיאיישאן בר. 97 א. ר.

שבת אווענט, דעם 30טען אויגוסט, האט דער בר. געפייערט א צוויייעהדיגע שמחה: דער בר. איז אלט געווארען 18 יאהר, און פונקט דאן האבען זיך אומגעקעהרט עטליכע מעמבערס פון „יענער זייט". א חוץ דעם האט מען אויפ'ן באנקעט געזאמעלט 60 דאל. פאר די מלחמה קרבנות, וועלכע זיינען איבערגעגעבן געווארען צום נאצ. אפיס.

רעדעס זיינען געהאלטען געווארען פון טשערמאן כץ, ווינשטיין, פליגער, און פון פארטרעטער פון דער נאצ. עקזעקוטיווע. פאר'ן צוויי־לען דאס געלט האט פ' נעוולער באצאהלט 10 דאלער; פאר'ן איבער־טראגען דאס געלט אין אפיס האט פ' ווינאגראד באצאהלט 6 דאל. און פ' ווייס — 8 דאל.

מיט גרוס, י. פ. מעמבער בר. 97.

---

## 10־יאהריגער יובילעאום פון בר. 233 א. ר.

צוליעב דעם וואס עטליכע פון אונזערע מעמבערס האבען זיך צוריקגעקערט פון דער ארמיי און אויך צוליב דעם וואס אונזער בר. איז אלט געווארען 10 יאהר, האט דער בר. דורכגעפיהרט א גרויסאר־טיגע פייערונג. אלע זיינען געקומען מיט זייערע פאמיליעס און פיין פארברענגט. פ' וואלאוויץ פון דער נאצ. עקז. און פ' ל. קראסקא, אונ־זער טשערמאן, האבען אפעלירט פאר די מלחמה קרבנות און ס'איז געשאפען געווארען $121.75, א חוץ די פריהערדיגע 100 דאלער. פאר זיין גוטער ארבייט פאר די לעצטע 10 יאהר, האט דער בר. פרעזענ־טירט אונזער סעק. פ' בעלעמאוויטש מיט א גאלדענעם זייגער. א דאנק דעם באנקעט, האט דער בר. אויף ס'ניי אויפגעלעבט און מיר האפען אז גאר אין קורצען וועט ער זיין איינער פון די גרעסטע און בעסטע אין אר. רינג.

מ. בעלעמאוויטש, סעק.

---

## א מוסטער פון ברידערליכער הילף אין א. ר.

גלייך ווי אונזער מעמבער, פ' זעמבראוו, האט זיך צוריקגעקערט פון דער מלחמה א פארקריפעלטער, האט אונזער בר. עדיוקיישאנעל ליג בר. 86, זיך גענומען שאפען א פאנד פאר דעם פרייגד, און מיר קענען באריכטען מיט פרייד, אז אין א קורצער צייט איז צווישען אונזערע מיטגלידער געשאפען געווארען די סומע פון $1,128.50. דאס געלט וועט איבערגעגעבן ווערען, אזוי שנעל ווי ער קומט ארויס פון שפיטאל.

עהנליך צו דעם האבען מיר געהאנדעלט מיט א צווייטען ברודער, וואס איז אהיימגעקומען א פארגעזמער. מיר האבען איהם אוועקגע־שיקט אין דער קאונטרי פאר 9 וואכען, און שטיצען איהם מיט 20 דאלער א וואך.

נעמט זיך אראפ א ביישפיעל.

סאחען און ב. מענסטער, קאם.

## סטייט קאָנפערענץ פון וויסקאָנסינער דיסטריקט.

זונטאג דעם 20־טען יולי איז אָפּגעהאלטען געוואָרען די דיס־טריקט קאָנפערענץ אין מעדיסאָן, וויס. אַלס טשערמאַן ווערט ערוויילט פ׳ איצקאָוויטש פון בר. 484 און אלס סעק. פ׳ ביילין פון בר. 425. פּאַרטרעטען זיינען פאָלגענדע ברענטשעס: 166, 425, 484) 479, 432 און 269. פ׳ ראסקין גיט אָפּ אַ באַריכט פון דער טעטיגקייט פון פאַר־גאנגענעם האַלבען יאָהר. אלע אונטערנעמונגען זיינען געווען ער־פאָלגרייך. א סך נייע מיטגליעדער זיינען אריינגענומען געוואָרען, און ס׳איז געשאפען געוואָרען $765.70 פאַר די מלחמה קרבנות. מיר האָבען זיך באַטייליגט אין אלע אונטערנעמונגען אויף דער אידישער גאַס, ווי בראָטעסטען, סטרייקס, א. אז. וו. דער באַריכט ווערט ג. ג. ס׳ווערט פאַרהאַנדעלט די פראַגע פון די וויי גרויסע אַר. רינג קאַמ־פיינס, און ס׳ווערט באַשלאָסען ניט דורכצולאָזען קיין איין שטעטעל, און זעהן אומעטום דורכפיהרען די ארבייט מיט ערפאָלג. אַ ספּעציעלע „פאָרווערטס” אויסגאַבע זאָל דערצו ארויסגעגעבען ווערען. וועגען דער אר. רינג שול ווערט באַשלאָסען: גרינדען אַזאַ שול אין מילוואקי אַזוי שנעל ווי דער לייבאָר ליסעאום וועט זיין פאַרטיג. אַ האַרצלי־בען דאַנק ווערט אויסגעדריקט צו פ׳ ראסקין, דער נאַצ. דירעקטאָר, פאַר זיין גוטער ארבייט אַלס דיסטריקט סעק. און ססווערט באַשלאָסען צו פּרעזענטירען איהם מיט א מתנה פון אלע ברענטשעס. אַ דאַנק ווערט אויך אויסגעדריקט צו דער מעדיסאָנער קאַם. וואָס האָט צוגע־גרייט די קאָנפערענץ. דערמיט שליסט זיך די זיצונג.

דזש. ביילין, רעק. סעק.

---

## קאָנפערענץ פון ברוקלינער אר. רינג ברענטשעס.

זונטאג דעם 26־טען אָקט. איז אין 76 ערופ עוו. פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ פון די בר. 3, 4, 6, 139, 189, 221, 295, 315, 325 און 481. דריי וויכטיגע פראגען זיינען פאַרהאַנדעלט געוואָרען; די צוויי אָר. רינג קאַמפּיינס, און די פראגע פון א ברוקלינער טעריטאָריעלער קאָנפערענץ. וועגען דעם לעצטען פונקט איז באַשלאָסען געוואָרען צו העלפען דער נאַצ. עקז. אין דער ארבייט מיט אלע כוחות.

פון די בר. באַריכטען ווייזט זיך ארויס, אַז אַלע שטרענגען זיך אָן צו שאַפען וואָס מעהר מיטגליעדער, און דאָס וועט זיכער זיין אַן ערפאָלג. גרויס באַגייסטערונג רופען ארויס די באַריכטען וועגען דעם רעליעף־פאָנד. בר. 3 האָט שוין געשאַפען איבער 500 דאלער; און זאָגט צו נאָכאַמאָל אזוי פיעל; בר. 4 נעמט זיך אונטער צו שאַפען 1,000 האלער; בר. 6 האָט שוין געשאַפען א 200 דאל. בר. 139 וועט ניט אָפּשטעהן פון אלעמען; בר. 180 האָט יעדען מיטגליד געטעקסט מיט 5 דאָל. בר. 315 וועט שאַפען ניט ווייניגער ווי 500 דאלער. בר. 295 — 300 דאל. בר. 21 האָט יעדען מיטגליד געטעקסט מיט 10 דאל. די איבריגע בר. וועלען איבערשטייגען זייערע צוזאגען. פ׳ דינער־שטיין און קרינסקי פון דער נאַצ עקז קאָם. האַלטען גרויסאַרטיגע רעדעס און רופען אַלעמען צו פאַרשענערען און פאַרשטאַרקען דעם אר. רינג, וואָס איז דער בעסטע פאַקטאָר אין אונזער לעבען. פ׳ זאַקהיים איז געווען טשערמאַן און פריינד —

ס. גאָלדשטיין, סעק.

---

## קליוולאַנדער דיסטריקט אין אָהייאָ סטייט קאָנפערנץ.

די יעהרליכע קאָנפערענץ פון דער קליוולאַנדער דיסטריקט קאָם. איז פאָרגעקומען אין יאָנגסטאון, אָהייאָ. טשערמאַן איז געווען פ׳ קויפמאַן פון בר. 79, און קאָנפ. סעק. פ׳ דזשאַספּיר, דער דיסטריקט סעק. פאָלגענדע ברענטשעס זיינען פאַרטראָטען: בר. 46, 79, 414, 430, 463, 480, 587, א חוץ די דיסטריקט עקז קאָם. די בר. 390 און 453 זיינען ניט פאַרטראָטען. אלע פאַרטרעטער גיבען אָפּ עופריעדענ־שטעלענדיגע באַריכטען: זיי נעמען אריין נייע מיטגלידער, באַטיי־ליגען זיך אין נאַצ. שולען, רעליעף, קאָאָפּעראַטיווען, פּראָטעסטען א. ג. גל. פ׳ דזשאַספּיר, דיסטריקט סעק., גיט אָפּ אַ באַריכט פון פאַרגאַנ־גענעם יאָהר. דאָס פעלד פאַר ארבייט איז זעהר גרויס, און דערפאַר ווערט באַשלאָסען, ערשטענס, אַז די בר. זאָלען צאָהלען 2 סענט פאַר אַ מיטגליד יעדען קוואַרטאַל צום דיסטריקט, און צווייטענס, זיך באַ־נוצען מיט לאָקאַלע קרעפטען פאַר דער דיסטריקט ארבייט. וועגען דער אָרגאַניזירונג פון דער דיסט. עקס. ווערט באַשלאָסען, אַז זי זאָל זיך ווייטער געפינען אין קליוולאַנד. די פראַגען וועגען בילדונגס־אַר־בייט, אר. רינג שולען ווערט איבערגעגעבען צו דער עקזעקוטיווע. באַשלאָסען אַז ס׳זאָלען פאָרקומען 4 צוזאַמענפאָהרען א יאָהר, יעדעס מאָל אין א צווייטער שטאָדט. די קומענדע קאָנפערענץ זאָל זיין אין עקראָן. פ׳ וויניצקי, פון בר. 79, קליוולאַנד, ווערט ערוועהלט אלס דיסטריקט סעק. דערמיט שליסט זיך די קאָנפערענץ.

---

גלייך נאָכדעם עפענט זיך די 2־יעהרליכע סטייט־קאָנפערענץ. אַלס טשערמאַן ווערט ערוויילט פ׳ פּאָלאַנסקי און אלס סעק. פ׳ דזשאַס־פּיר. פאַרטראָטען זיינען בר. 79, 430, 463, 480, 587, 46, 155 און בר. 414.

דער איינשטימיגער מיטגליד פון די נאַצ. דירעקטאָרס, פ׳ דזשאַספּיר, דריקט אויס זיין צופרידענהייט מיט דער הארמאָנישער ארבייט פון די נאַציאָנאַלען דירעקטאָרען מיט די אַנדערע קאָמיטעטען און מיט דער נאַצ. עקז. קאָם. אַלס גאַנצע. ער שטעלט זיך אויך אָפּ אויף דעם כסוך וועגען סאַניטאַריום, און האָפט, אַז ער וועט שנעל געשליכטעט ווערען פאַר אַלעמענס טובה. א ביסעל טומעל גוערט פאַראורזאַכט דורך

אַ געוויסען דעלעגאַט און פון אַן עקס־פּאַציענט. זיי ערקלערען, אז אין סאַניטאַריום הערשט אַן אויטאָקראַטיע; אנדערע דעלעגאַטען ענט־פערען זיי, און מ׳דערמאַנט אלטע פּאַסירונגען. פ׳ דזשאַספּיר ער־קלערט, אַז מ׳דאַרף אַ סך מעהר גלויבען דעם באַריכט פון סאַניטאַריום קאָם. וואָס איז פאַראַנטוואָרטליך צום גאַנצען אר. רינג, איידער איינ־צעלנע מענשען, וואָס זיינען צו קיינעם ניט פאַראַנטוואָרטליך. דערנאָך ווערט באַשלאָסען צו רעקאָמענדירען דער נייער נ. ב. אויפצונעמען די גאַנצע סאַניט. פראַגע און אויסגעפינען ווער ס׳איז דער שולדיגער. די דעלעגאַטען פון עקראָן און טאָלידאָ שטימען דעגעגען. צו דעם האָט פון נאַציאָנאַלע דירעקטאָרען ווערען נאָמינירט דורך אַ מעהרהייט שטימען די פ׳ דזשאַספּיר פון בר. 463 און באַרד פון בר. 587. מיט דעם שליסט זיך די קאָנפערענץ.

ל. מ. דזשאַספּיר,
סטייט און דיסטריקט סעק.

פון דער רעדאַקציע: צוליעב דעם, וואָס פר. באַרד איז נאָר געווען אַ מיטגליד פון א. ר. אַ האַלב יאָהר צייט (פריהער געווען 10 יאָהר אַ מיטגליד און געשטראָכען געוואָרען) איז אויפ׳ן באַלאָט אויף זיין פּלאַץ ארויף פר. וויניצקי. אין די וואַהלען איז וויניצקי ארויס זיעגרייך איבער פר. דזשאַספּיר.

---

## 3־יאָהריגער יובילעאום פון שלום עליכם בר. 478 א. ר.

די פייערונג פון אונזער 3־יאָהריגען יובילעאום איז געווען אַ וועלטענער ערפאָלג. ספּעציעל דערפאַר, ווייל מיר האָבען דאַן אויך גע־עפענט אַן אייגענע פאָלקס ביבליאָטעק, וואו יעדער איינער וועט גע־פינען אינטערעסאַנטע ביכער צום לעזען און שטודירען. יעדער איי־נער האָט זיך געפיהלט יום־טוב׳דיג, ווייל מ׳האָט געזעהן אז דאָ שאַפט זיך אַן אינסטיטוציע, וואָס וועט העלפען אַלעמען. פ׳ ס. אגראַנאָווסקי האָט באַצאָהלט 50 דאָל. פאַר דער שאַפע, פ׳ מרס. און מר. ס. זוטש האָ־בען באַצאָהלט 18 דאָל. פאַר׳ן אויפדעקען די שאַפע, און פ׳ לענטש 14 דאל. פאַר עפענען דעם „ארון־קודש”. א חוץ דעם האָט יעדער איי־נער בייגעשטייערט אַ געוויסע סומע. די ביבליאָטעק פאַרמאָגט איצט איבער 300 דיקע בענדער.

אויף ווי ווייט אונזער בר. איז טעטיג אין אלגעמיין קען מען זעהן דערפון וואָס ביי׳ם 72־טען קוואַרטעל האָבען מיר געהאַט 43 מיטגלידער און איצט האָבען מיר112— כן ירבו! צום נייעם קאַמפּיין האָבען מיר באַשלאָסען צו פּרעזענטירען יעדען מיטגליעד וואָס וועט ארייננברענגען מעהר ווי 5 נייע מיטגלידער אַ גאָלדענעם אר. רינג עמבלעם. אויך פון דעם רעליעף פאָנד וועלען מיר ניט אָפּשטעהן.

פאָרווערטס פאַר דער גוטער ארבייט, פאַר אונזער קאַמף און פאַר אַ שענערער און בעסערער וועלט!

ק. טשאָוסאָוו, סעק.

---

## באַריכט פון א סאַניטאַריום מיטינג.

זונטאג אבענד דעם 7טען דעצ. האָבען מיר אלע פּאַציענטען, אויף דער איניציאַטיווע פון דאָקטאָר פיש, זיך פאַרזאַמעלט אין איינע פון די ליגנטס. דאָקטאָר פיש האָט אונז אין עטליכע ווערטער, אין א געבראָכענער שטימע, ערקלערט צו אונזער אַלעמענס באַדויערען, אַז פריינד פּערלאָוויץ איז שוין נישט צווישען די לעבעדיגע. די נייס האָט אונז אַלעמען ווי א דונער געטראָפען און אויף א מינוט האָט געהערשט אַ געדריקטע שטימונג, דאַן האָט אונז דאָקטאָר פיש אַלעמען געהייסען זיך אויפשטעלען צור עהרע פון טויטען פריינד און מיט אַראָפּגעלאָזטען קאָפּ פאַרלאָזען דעם האַלל.

אויף דעם שטעל איז געזאַמעלט געוואָרען א סומע פאַר בלומען, וועלכעס איז גלייך איבערגעגעבען געוואָרען צו דאָקטאָר פיש ער זאָל דאָס באַזאָרגען. אויך איז פאַרפאַסט געוואָרען אַ רעזאָלוציע, וועלכע איז אוועקגעשיקט געוואָרען צום „פאָרווערטס” און „פריינד”.

---

## באַריכט פון בר. 348.

בר. 348 א. ר., לינקאָלן, נעב., האָט געפייערט זיין 10טען יובי־לעאום מיט איין גרויסאַרטיגען באַנקעט. פריינד נ. הלל, טשערמאַן פון אוועגד אויך גרינדער פון ברענטש, גיט איבער אין קורצען וואָס דער ארבייטער רינג מיינט יעצט פאַר אַזעלכע שטעדט ווי לינקאָלן.

ערשט 10 יאָהר ווי לינקאָלן האָט זיך געשעמט מיט דעם וואָרט א. ר. יעצט זיינען זיי גליקליך ווען די אַמאָליגע גרינהאָרנס נעמען זיי אריין צו זיך אין ברענטש. ער צייגט וואָס דער ברענטש האָט געטאָן אין די לעצטע 10 יאָהר. שטיצענדיג סטרייקס, סאָציאַליסטישע קאַמ־פיינס, מלחמה ליידענדע, מעמבערס פון ברענטשעס, אויך איינציגע מעמבערס, האָט געשאַפען אַ אידישע לייברערי, געצוואונגען די באָארד אָף עדיוקיישאָן אויסשרייבען אידישע ביכער וואָס ביז יעצט איז עס נישט געטאָן געוואָרען פון קיין אָרגאַניזאַציאָן. אויך דאָס קיין וויכ־טיגע ארבייט אין שטאָדט ווערט נישט אָפּגעטאָן אָהן דעם א. ר. עס זיינען פאַרטראָטען פאַרשטעהער פון בר. 173 אמאהא, 258 סאוט אָמאהא, סאָציאַליסטישער לאָקאל אמאהא און דער דראַמאַטישער קלאָב. ער־האַלטען באַגריסונגען פון גענ. אָפּיס און פון דער דיסטריקט קאָמיטע.

די געלעגענהייט ווערט אויך אויסגענוצט פון סאָציאַליסטישע ברענטש דורך פריינד ס. לערנער וועלכער צייגט די נויטווענדיגקייט יעצט מעהר ווי אימער באַלאַנגען צו דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און מאַכט אַן אפּיעל דאָס לינקאָלן זאָל גרינדען איין לאָקאל. פריינד רעזן הילל, טשאַרטער מעמבער, ווערט געגעבען די עהרע צו זיין טאָסט מאַסטער און פיהרט דורך די פּראָגראַם פון אווענד זעהר גלענ־צענד. ער שטעלט פאַר די געסט פון אמאהא, ספּעציעל דעם פאַרטרעטער פון דראַמאַטישען קלאָב, וועלכער דעקלאַמירט און זינגט. אויך דעם וואונדער קינד „קובע סערינסקיע”, וועלכער באַצויבערט אַלעמען מיט זיין פידעל. עס האָבען אויך גערעדט פיעל מיטגלידער און דער באַנ־קעט האָט זיך געשלאָסען מיט באַגייסטערונג.

נ. הילל, טשערמאַן.

## באפאלא'ער מעמבערס אין רעליעף קאמפיין.

ביי דעם אבשיעדס אבענד זונטאג דעם 26טען אקטאבער, אפגע־האלטען אין די ס. פ. קלאב רומס פון אידישען בראנטש, פאר די פריינד ב. באשער און זיין פאמיליע פון בראנטש 29, און ג. יאקאוויטש פון בראנטש 435 אר. רינג איז געשאפען געווארען $26.00 פאר די רעליעף און $20.00 פאר דעם סאציאליסטישען קאמפיין און באפאלא און אלע זשורנאלען פון אר. רינג און אידישען סאציאליסטישען בראנטש האבען די פריינד געווינשען א פאהר געזונד.

ב. פארענט, טשערמאן פון אבענד.

## בדענטש 189 פאר'ן רעליעף פאנד.

א ספעשעל מיטינג איז גערופען געווארען סעפט. ד. מ. דער צוועק פון מיטינג איז געווען וואס מיר זאלען יעצט טאן פאר'ן רעליעף פאנד. איינזעהענדיג אז מיר מוזען יעצט אנשטרענגען אלע אונ־זערע קרעפטען האבען אלע מעמבערס איינשטימיג באשלאסען זיך צו שטייערן מיט 5 דאלאר אויף א געוויסע צייט אויסצאהלען. דאס וועט אין צייטען אריבער $600.00 און מיר האפען דאס קאלעקטען און צוזאמען צושיקען אין דזשעניעראל אפיס. די ערשטע 5 דאלאר האט איינגעצאהלט מיט איין מאל אונזער פריינד ג. וואלאוויק.

מיט פריינדליכען גרוס,

א. פראגער, סעק.

## רעזאלוציעס וועגען סאניטאריום. *)

מיר, די מעמבערס פון מינסקער בר. 305 ארב. רינג, פארזאמעלט ביי א מיטינג, זונטאג, דעם 5טען אקטאבער, אין 505 ריעד סט., צו באטראכטען די לעצטע פאסירונגען אין סאניטאריום, ווי אויך די אור־זאכען וועלכע האבען געבראכט, דאס דער בראנטש זאל נעהמען די שטעלונג צו דער סאניטאריום קאמיטע, ערקלערען מיר ווי פאלגט:

מיר גלויבען, אז אונזער שטעלונג צו דער סאניטאריום פראגע איז א פאלגע פון דער אונגליקליכער ווייטערדיגער פאסירונג, וועלכער האט צו יענער צייט געשאפען א געוויסען מיסטרויען ביי א באדייטענדער טייל מעמבערס פון דעם ארבייטער רינג צו זיין פארוואלטונג, און האט אויך איבערגעטראגען א גינסטיגען באדען פאר מיסטרויען.

נעהמענדיג אין אנבאטראכט, דאס א געוויסער עלעמענט פון אונזער בראנטש, וועלכע זיינען אין זייער דענקען פרינציפיעלע געגנער צו די יעצטיגע פארוואלטונג פון ארבייטער רינג, און האבען באנוצט ביי אונזערע מיטינגען געזעצט זייערע געדאנקען פון מיס־טרויען. אין דיזע אורזאכען, לויט אונזער מיינונג, האבען געשאפען א גינסטיגען באדען פאר אונזער שטעלונג צו דער סאניטאריום פראגע.

מיר באדויערען דעריבער די לעצטע פאסירונגען, דורך וועלכע מיר זיינען מיספארשטאנען געווארען, און מיר ערקלערען דעריבער, דאס מיר שיקען אונזער פולען צוטרויען צו אלע פארוואלטונג קא־מיטעס און מיר האפען, אז דער בראנטש וועט אין דער צוקונפט פאר־דינען זיין נאמען וואס ער האט א מאל געהאט, און וועט זיין א שטאלץ פאר'ן ארבייטער רינג.

פרעס קאמיטע בר. 305 א. ר.

ב. בינין, רייזענהאוז, ג. גרינוואלד, ל. מולער, ל. פאטאס, סעם שערמאן, ה. קאהן, מ. שאפירא, ב. זעווין, ס. ביטערס.

ביי בר. 4 א. ר. איז אויפגענומען געווארען די פראגע וועגען די לעצטע פאסירונגען אין סאניטאריום און האבענדיג אויסגעהערט ביידע צדדים ביי גוט באזוכטע מיטינגען, איז אונזער ערנסטער וואונש געזעהן אז אזעלכעס זאל מעהר ניט פארקומען. עס איז אונזער מיינונג, אז פאציענטען האבען ניט קיין רעכט זיך צו מישען אין דער פארוואלטונג פון סאניטאריום. זיי ווערען דארטען געשיקט קורירט צו ווערען און אויב זיי ווערען מיסהאנדעלט האבען זיי זייערע בראנטשעס צו וועמען זיך צו ווענדען. עס איז אמת, אז דעם סאניטאריום איז דאס אייגענטום פון אלע מעמבערס, מיינט דאס אבער ניט, אז עס קען פון אלעמען פארוואלטעט ווערען. מיר מיינען ניט חלילה צו זאגען, אז די פאציענטען האבען קיין קריוודעס ניט, עס קען גאנץ מעגליך זיין, אז זיי זיינען אין פיעלע וועגען געקריוודעט געווארען; זיי האבען אבער ארויס ניט געדארפט זיין די ריכטער. ווען אזא צו־שטאנד זאל עקזיסטירען, וואו די פאציענטען וועלען מאכען רולס פאר די דאקטוירים, ניט די דאקטוירים פאר זיי, וועט אונזער סאניטא־ריום פארוואנדעלט ווערען אין א משוגעים הויז. דארום ערזוכען מיר די פאציענטען וואס געפינען זיך נאך אין סאניטאריום, אז זיי זאלען קיין אנדער זאך ניט האבען אין זינען ווי נאר קורירט צו ווערען.

מיר גלויבען, אז די דאקטוירים ווייסען בעסער ווען די קראנקע דארפען עסען און וואס זיי דארפען עסען. ווען זיי דארפען געהן שלאפען און ווען זיי דארפען אויפשטעהן. וואס זייערע פארוויילונ־גען זאלען זיין מיט איין ווארט, מיר ווילען די קראנקע זאלען פאר־געסען אז דער סאניטאריום איז א פראגען זיך צו הוילען, ניט קיין פאליטישער פראגען. וואו עס זאל דיסקוטירט ווערען פאליטיק און נאך פארשידענע פארוויילונגען וואס ברענגען זיי גרויס שאדען צו זייער גע־זונד און צו זייער גייסט. האפענדיג, אז די פאציענטען וועלען פאר־שטעהן, אז מיר מיינען בלויז זייער טובה, פארבלייבען מיר מיט פריינדליכען גרוס,

בר. 4 א. ר.

מ. ראדניק, ס. פיין, דוד אשינסקי — קאמיטע.

ביי א ספעשעל מיטינג פון בר. 142 א. ר., אפגעהאלטען זונטאג, דעם ... סעפט. אויסהערענדיג דעם באריכט פון אונזערע דעלעגאטען צום סאניטאריום קאנפערענץ וועגען די לעצטע פאסירונגען אין סאניטאריום, און ווינטשענדיג די וויכטיגקייט פון אזא סאניטאריום פאר דעם געזונד פון אונזערע קראנקע מעמבערס,

און אויך וויסענדיג די שעדליכקייט וואס איינציגע הייסקעפ קענען ארויינברענגען אין אזא סאניטאריום, פאדערען מיר אויף די סאניטאריום קאמיטע אנצונעמען א שטרענגע דיסציפלין וואס זאל זיך פאסען צו אזא אינסטיטוציאן. מיר דריקען אויך אויס אונזער צו־טרויען צו דער סאניטאריום קאמיטע אין איהרע האנדלונגען ביז יעצט, און מיר פארדאמען די יעניגע וועלכע האבען געזוכט צו שטע־רען זייער ארבייט און באשמוצען דעם שיינעם נאמען פון ארבייטער רינג.

אכטונגספול,

דזש. דראזנער, סעק. פרעס קאם.

*) פון דער רעדאקציע: עס איז יעצט פאראן שוין א פאלשטענדיגע הארמאניע צווישען אלע פאציענטען און דער פארוואלטונג אין סאניט. די רעזאלוציעס ווערען נאר געדרוקט כדי צו זיין אויפ'ן רעקארד.

## רעזאלוציע פון בר. 208.

אויף א בר. מיטינג פון 28־טען סעפט. איז אנגענומען געווארען פאלגענדע רעזאלוציע אין באצוג צו דעם סאניטאריום־סכסוך:

נעמענדיג אין אנבאטראכט, אז די קריגערייען וואס זיינען ארויסגעוואקסען צוליעב דעם הונגער־סטרייק פון סאניטאריום־פא־ציענטען, פארשאפט ניט קיין כבוד אונזער ארדען, און אז צוליב דעם זייטען אויך פארגעקומען מיאוס'ע רייסערייען,

פאדערען מיר אויף די עקזעקוטיוו־קאם. בכלל און די סאניטא־ריום־קאם. באזונדער אנצונעמען מיטלען כדי אפצושאפען דעם כאאס, און איינפיהרען מעהר ארדנונג און דיסציפלין אין סאניטאריום.

כאטש מיר האלטען, אז די פארוואלטונג פון סאניטאריום קען נאך פיעל פארבעסערט ווערען, איז עס אבער אונזער מיינונג, אז שול־דיג אין דעם איז ניט די סאניט. קאם. נאר די פאציענטען אליין, וואס ווילען זיך נישט אונטערווארפען די געזעצען און פארארדנונגען פון סאניטאריום. די פאציענטען קומען אהין זיך היילען, אבער ניט באסעווען. די פארוואלטונג דארף מען איבערלאזען צו דער סאניט. קאם. און צו דער נאצ. עקז. צו וועלכער מיר דריקען אויס אונזער צוטרוי, און האפען אז זיי וועלען באשאפען א גוטע פארוואלטונג.

מיר בעטען אנדערע בר. אנצונעמען אזעלכע רעזאלוציעס, וואס וועט העלפען סיי דער סאניט. קאם. אין דער ארבייט, און סיי די פא־ציענטען, וואס וועלען דורכדעם אויספאלגען אלע סאניטאריום־געזעצען.

מיט פריינדליכען גרוס,

ה. לעווין, סעק. בר. 208, ניו־בראנזוויק.

## רעזאלוציאן פון בר. 462 א. ר. ניו יארק.

ביי א ספעציאל מיטינג פון די מירער און סטויבצער בר. 462 אר. רינג, איז באשלאסען געווארען דאס יעדער איינציגער מעמבער זאל געבען 1 דאלאר פאר'ן אידישען רעליעף, און מיר האבען שוין אריינגעשיקט אין אפיס פון א. ר. 42 דאלער. אוי איז באשלאסען גע־ווארען צו נעמען איין טעאטער פאר דעם רעליעף. און א קאמיטע איז אויסערוויילט געווארען פאר דיזען צוועק.

מיט גרוס,

ס. האלפער, סעק.

מיר, די מעמבערס פון בר. 120, א. ר., פארזאמעלט ביי א מיטינג, אפגעהאלטען זונטאג דעם 7־טען דעצעמבער, באדויערען זעהר דעם ארעסט פון די א. ר. בראנטש סעקרעטערע פון פארטסמוט און נארפאלק און מיר דריקען אויס אונזער סימפאטיע מיט זיי.

אויך זאגען מיר צו אונזער שטיצע מיט וואס מיר וועלען קענען.

ס. פאטאשניק, סעק.

... אין דער צייט פון קריעג האבען די ענגלישע רעקרוטען־בע־אמטע אין עגיפטען ארויינגעשלעפט עגיפטישע פויערים אין די רעקרו־טען־אפיסעס, געשמידט אין קייטען און געשמיסען ביז זיי האבען איינגעוויליגט אנצושליסען זיך אן דער ארמיי, אלס פרייוויליגע...

— דזשארדזש קריעל.

* * *

אויב די פאליציי ארגאניזירט זיך אין יוניאנס איז נאך האלבע צרות פאר דער פלוטאקראטיע, זי קען געברויכען איהרע סטרייק־ברעכער, אבער ווען די טורמע־וועכטער ארגאניזירען זיך שוין אויך איז נישט איבעריג פרעהלאך — זי שלעפט איהרע סטרייק־ברע־כער שטענדיג ארויס פון די טורמעס.

* * *

אויב יעדע קארפאראציע וואלט פארלארען איהר טשארטער דער־פאר, וואס זי האט עובר געווען אויפ'ן געזעץ וואלט ניט פארבליבען קיין איין קארפאראציע אין אמעריקא, וואס זאל האבען א טשארטער...

— סעמועל אונטערמייער.

## בריעף־קאסטען.

ב. ראטה. — נאך טלץ שוואך.

מ. קארפ, אטלאנטא. — ווען איהר וואלט געהאט צו דעם מי־טעלסטען פערז אמוועניגסטענס נאך איין גוטען פערז וואלט אייער ליעד „איינזאם" געקענט געדרוקט ווערען.

א. ב. ברוקלין. — פארוואס מיינט איהר אזוי? אהן גרינדע איז אזא באהויפטונג פארברעכעריש.

י. ראכלענקא, מאנטרעאל. — מיר מאכען די גרעסטע אנשטרענ־גונגען פאר די לעצטע עטליכע מאנאטען, אז נישט נאר זאלען אלע נייע מיטגלידער קריגען דעם „פריינד", נאר אויך אלע אלטע מיט־גלידער וועמענס אדרעסען זיינען צוליעב די אדער יענע אורזאכען ארויסגעפאלען. מיט דער הילף פון טיכטיגע און פינקטליכע סעק־רעטערס וועלען מיר האבען אין גיכען די גענויעסטע און פינקטליכ־סטע אדרעסען־ליסטען, וואס איז נאר מעגליך.

דזש. טאליסמאן, פילא. — מיר דרוקען פארקירצט אייער קא־רעספאנדענץ, ווייל פאר דער צייט האט זיך איינגאנצען די לאגע גע־ביטען. איהר ווייסט דאס יעצט אליין. זייט אזוי גוט און שרייבט אונז טאקע וועגען דער נייער שטימונג אין די בראנטשעס.

צו אונזערע קארעספאנדענטען. — פיעל קארעספאנדענציעס מוזען אפגעלעגט ווערען צוליעב דוחק אין פלאץ און די איבעריגע, וואס זיינען געדרוקט געווארען וועלען אונז צוליעב דער זעלבער סבה ענטשולדיגען פאר די פארקירצונגען.

# פון אונזער קאָרעספּאָנדענץ

וואָס הערט זיך אין בר. 234 א. ר., דאלאס, טעקסאס ?

ווער עס איז באַקאַנט מיט דעם ברענטש 234 וועט זיכער צוגעבען דאָס עס איז איינער פון די בעסטע ברענטשעס אין אַרבייטער רינג.

צעהן יאָהר זינט דער ברענטש עקזיסטירט און האָט אָהן צווייפעל אַ שעהנע בלאַט-געשיכטע פון דער פאַרגאַנגענהייט אויף יעדען געביעט.

צעהן טויזענד דאָלער ! אַן איינגענע היים ! אַן אַ. ר. פאָלקס שולע ! איז איצט די מאָטאָ. אַלע ווי איינער האָבען זיך געוואָרפען אין דער כוואַלע פון באַגייסטערונג, מיט גרויס ליעבע און אונטערנעמונגס גייסט צו פאַרווירקליכען דעם ציעל אין דער נאָהענטער צוקונפט.

דער ברענטש האָט אויך נישט אויסען געלאָזען דעם פופציג טויזענד דאָלער קאמפּיין פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, און די מלחמה קרבנות אויף יענער זייט ים. אַ פּיקניק ווערט אַראַנזשירט און די גאַנצע איינ[?]מע געהט פאַר דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, און אַ דריי טאָג מואווינג פּיקטשור אונטערנעמונג פאַר די מלחמה ליידענדע. קיינער צווייפעלט נישט אין אַ גרויסען ערפאָלג און אַז מיר זיינען פעהיג צו מאַכען געלד האָט די פאַרגאַנגענהייט געוויזען.

פאַר דער איינענער היים ! אויף דעם ערשטען רוף פון דער עקזעקוטיוו קאָמיטע פון ברענטש פאַר סובסקריפּשאָנס האָט אַ וואונדערשעהנע עכאָ זיך אָפּגערופען. דריי טויזענד דאָלער איז געוועזן דער אַנטוואָרט, מיט אַ צוזאָג פאַר מעהר אין דער צוקונפט. די עקזעקוטיווע און די ספּעציעל ערוועהלטע בילדינג קאָמיטע האָט מיט פרייד אויפגענומען דעם אַנטוואָרט פון די מעמבערס, און מיט גרויס ענטוזיאַזם זיך גענומען צו דער אַרבייט פאָרטצוזעצען און ערדייכען אונזער שטרעבען אין דער נאָהענטער צוקונפט. באַלד, באַלד וועט די פאָהן פון אַ. ר. פלאַטערען איבער אַ איינגענע היים פון ברענטש 234 אין דער שטאָדט דאלאס.

אַ נגיד האָט הצלחה! און מיר זיינען רייך. דריי מעמבערס פון ברענטש האָט מען געשיקט אויף יענער זייט ים אַנטייל צו נעמען אין דער וועלט-מלחמה. נו, האָבען מיר אָבער הצלחה, אַלע דריי צוריקגעקומען געזונד און פריש (דער מלאך המות האָט איבער זיי קיין שליטא נישט געהאט) און צוריק אין די רייהען צו קעמפען פאַר אמת'ע דעמאָקראַטיע און פרייהייט.

איך קען נישט שליסען מיין שרייבען איך זאָל נישט דער־מאָנען אונזער אַלעמענס באַליבטען פריינד, מאָרים גאָרדאָן, פינאַנס סעקרעטער פון ברענטש. צו אונזער ערשטער באַגע־געניש האָב איך איהם געפרעגט, ווארום ער איז ניט א מעמבער אין א. ר. „עפּעס צו סאציאַליסטיש, אנארכיסטיש א. ז. וו. איז דער אַרבייטער רינג — איז געווען זיין אַנטוואָרט. איך האָב איהם אין קורצע ווערטער ערקלערט וואָס סאָציאַליזם און דער אַ. ר. איז. איך האָב געהאט דעם נויטיגען איינפלוס, און אין אַ קורצע צייט איז ער געוואָרען אַ מעמבער אין אַ. ר. און היינטע היינט איז פריינד גאָרדאָן דער פינאַנס סעקרעטער פון ברענטש און אויך איינער פון די טעטיגסטע טוער אין דעם ברענטש. אַלס פינאַנס סעקרעטער איז ער דער בעסטער וואָס דער ברענטש האָט ווען עס איז געהאט פאַר זיין עקזיסטענץ, פאַר מיר פערזענליך איז עס א גרויסע פרייד.

א. לאנדסבערג,
טשערמאַן ברענטש 234 אַ. ר.

---

אַלבאַני, נ. י., סטעט דזשוליי.

אַ ספּעשעל. קאָנפערענץ איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען פון אַלבאַני דיסטריקט קאָמיטע אַ. ר. מיט פאָלגענדע ברידער פאַר־טראָטען: אַלבאַני — פריינד אסאָפּסקי און טאראף; סקע־נעקטעדי — פריינד סיגעל און סיטני; גלענס פאָלס — פריינד קאַרל קאָהן; גלאָווערסוויל — פריינד אַ. שאַפּירא; טראָי — פריינד קאַץ און דזשייקאָבסאָן.

דער קאָנפערענץ איז געעפענט געוואָרען מיט פריינד אסאָפּסקי פון אַלבאַני אַלס טשערמאַן. פריינד דינערשטיין פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, וועלכער האָט פאַררופען דיזען קאָנפערענץ איז אַנוועזענד געווען. די הויפּט פראַגע איז געווען דער שטילשטאַנד אין אַלבאַני דיסטריקט. פריינד די־נערשטיין האָט באַהויפּטעט אַז דער אַלבאַני'ר דיסטריקט האָט פאַר דער לעצטער צייט גאָר ניט געטאָן וואָס אנבאלאַנגט אָרגאַ־ניזאַציאָנס אַרבייט, אָבער אַזוי ווי דער סעקרעטער פון דער ד. ק. איז ביים קאָנפערענץ ניט אַנוועזענד געווען און קיין רעקאָרד האָט ער אויך ניט צוגעשיקט איז שוין במילא ניט געווען אויף וועמען צו וואַרפען די שולד. דאַן האָט פריינד דינערשטיין ער־קלערט דאָס אויב די ד. ק. וועט ניט ווערען טעטיגער, וועט די נאַצ. אָ. גאַניזאַציאָנס קאָמיטע אויפלייזען דעם אַלבאַני'ר דיס־טריקט קאָמיטע.

פריינד דינערשטיין האָט ערקלערט דאָס אַ ד. ק. איז אַ טייל פון דער עקזעקוטיווע פון אַ. ר. און אויב די ד. ק. טוט ניט איהר אַרבייט, מיינט דאָס אַז די אינטערעסען פון אַרביי־טער רינג ווערען ביז אַ געוויסען גראַד פאַרנאַכלעסיגט אין דעם דיסטריקט, דאַן האָט זיך די ד. ק. רעאָרגאַניזירט מיט די אויבענדערמאָנטע דעלעגאַטען.

דאַן קומט באַריכטען פון די ברענטשעס. דאָ מערקט זיך אויך אַ שוואַכקייט. אין איינינע ברענטשעס איז דער צושטאַנד אַזאַ דאָס דער ברענטש קען ניט קאָנט[?]ירען זיינע מעמבערס. אָט צ. ב. באַריכטעט דער דעלעגאַט פון גלאָווערסוויל דאָס ביי זיי אין ברענטש זיינען פאַראַן אַ פּאָר מעמבערס, וועלכע וואוינען און אַרבייטען זאָגאַר אָפען פאַר דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, איינער זאָגאַר זיצט ביי די עלעקשאָן באָארד און קריגט באַ־צאָהלט פאַר זיין „אַרבייט". דאָס איז אַן עפענטליכער סקאַנדאַל, און דאָס מוז באַזייטיגט ווערען אין אַ. ר. אַזעלכעס טאָר ניט פּאַסירען.

סקענעקטעדי האָט זיך אויף איהרע טראָבעלס. דאָרטען איז דער טראָבעל מיט בענעפיטס. דעם בעסטען באַריכט האָט אָפּ־געגעבען פריינד קאָהן פון גלענס פאָלס, פון אַ פּאָפּולייישאָן פון 120 אידישע פאַמיליעס האָבען זיי אַ ברענטש פון זעכציג גוט שטעהענדע מעמבערס.

דער באַריכט פון טראָי'ער ברענטש איז אויך אין דעם זעל־בען איינקלאַנג. קיין וויכטיגעס איז דאָרט ניט אויפגעטאָן גע־וואָרען.

נעקסט קומט אַלבאַני. פריינד אסאָפּסקי באַריכטעט, דאָס צוליעב דעם קאמפּיין פאַר מעמבערס האָבען זיי אַראַנזשירט אַ פּיקניק און האָבען אריינגעקראָגען ארום אכטצעהן אַפּליקאַנטען.

צום שלוס האָבען די דעלעגאַטען פאַרשפּראָכען זיך אויף דאָס ניי נעמען צו דער אַרבייט.

די קאָנפערענץ האָט באַשלאָסען דאָס די דעלעגאַטען זאָלען באַזוכען די ברענטשעס אַזוי אָפט ווי מעגליך, איבערהויפּט יעצט ווען עס פאָדערט זיך פיעלעס צו טאָן. ערשטענס, דעם צוואַנציג טויזענד מעמבער קאמפּיין און דעם פופציג טויזענד דאָלער קאמפּיין.

דערמיט האָט זיך דער קאָנפערענץ געשלאָסען.

א. דזשייקאָבסאָן,
סעקרעטער פּראָטעם.

---

ווערטער פריינד רעדאַקטאָר: —

אַלס מיטגליד פון א. ר. און אַלס געוועזענער פּאַציענט אין סאַ־ניטאריום, בעט איך איך געבען אַ שטיקעל פּלאַץ אין „פריינד" פאַר די פּאָר שורות:

איך האָב געלעזען פ' גוסקינ'ס באַריכט וועגען סאַניטאַריום, און איך קען באַשטעטיגען, אַז אַלץ איז איבערגעגעבען ריכטיג. אַ גרויסען טייל דערפון האָב איך אַליין צוגעזעהן. אַ קליינעם פּאַקט: עטליכע פּאַציענטען האָבען גערויכערט און געשפּילט אין קאָרטען; און זיי האָבען ערשט דאַן אויפגעהערט, ווען פ' פּערלאָוויץ האָט זיי ערקלערט, אַז מ'וועט קעגען דעם אָננעמען שטרענגע מיטלען. דערנאָך האָט איי־נער פון זיי ערקלערט, אַז מ'שפּילט זיך מיט פייער. דאָס באַווייזט, אַז אַלע פּראָטעסטען פון די ברענטשעס זיינען גוט דאָס, וואָס מ'דאַרף האָבען. גיכער האָט מען געדאַרפט געבען צו פאַרשטעהן יעדען מיט־גליד, וואָס אַזוינס איז דער סאַניטאַריום, און דורך דעם וואָלט מען אויסגעמיטען אַלע צרות. איך האַלט אויך אַז אַ קאָם. דאַרף ערוועהלט ווערען אויף 5 יאָהר צו פאַרוואַלטען דעם סאַניטאַריום, אָבער דיס־ציפּלין מוז אויך איינגעפיהרט ווערען, און אַז פּאַציענטען זאָלען זיך ניט מישען אין דער פאַרוואַלטונג. זייער זאַך איז געזונט צו ווערען און אַהיים פאָהרען, וואָס שנעלער. דאַן וועלען אויפהערען אַלע קלאַ־גיגקייטען, און מיר וועלען אַלע העלפען סיי דעם סאַניטאַריום און סיי דעם גאַנצען אַר. רינג.

מיט פריינדליכען גרוס,
י. נאכימסאָן, פון בר. 121.

---

געעהרטער פריינד רעדאַקטאָר!

צום פונקט 1 פּאַראַגראַף „ד" פון קאָנווענשאָן רעפערענדום, דער־כענט אונזער געשעצטער ליגעל אדוויזער מאיר לאנדאָן אויס די אורזאַכען, ווארום דיזער פונקט קען ניט אריין אין קראַפט און פיהרט אַזוי אויס: „ווייל ס'איז אויך ניט לייכט צו באַשטימען די מיינונג, אַז דער פונקט מאַכט די 34 יעהריגע מיטגלידער פאַר אַן אויסנאַהם

# THE FRIEND  דער פריינד

Vol. XI — MARCH, APRIL, MAY, 1920 — No. 3—4


# פון מאָנאַט צו מאָנאַט

...ניג דופט זיך, איין דור האָט זיך געביטען. צוואַנ־
...ציג קאַלענדאַרס האָבען זיך נאָר איבערגעטוישט און
...ביטערווייז זיך אויסגעפליקט פון עקזיסטענץ —
...וואָס פאַר א לאַנגע בית־עולם׳ם מיט שווערע מצבות האָ־
...זיך אויסגעשפּרייט פאַר דער צייט! וויפיעל בליהענדע
...פערס פויגלען אויס זייערע לעצטע זאַפטען אין דעם לאַנגזאַ־
...אנאַנישען חלום פון דעם רעטזעלהאַפטען טויט! וויפיעל
...רדיגע ווילענס פון מענשען, פאַרקערפּערט אין צוזאַמענ־
...אַפּענע ריזען־אָרגאַניזמען. זיינען אויסגעבלייכט גע־
...ען און אויסגעגאַנגען ווי גליהענדע, באַזונטע וואָקענס
א רייצענדער פאַרנאַכט!
...צוואַנציג יאָהר נאָר!
...אָבער וואָס פאַר א באַרג פון מענשליכע אויפטואונגען
...זיך אָנגעהויבעט פאַר דער צייט! וואָס פאַר א רייכע
...אוראַמע פון העלדישע, גרויסע מעשים האָט זיך אויף דער
...צער פּנים פון דער געשיכטע אדורכגעטראָגען און וויפיעל
...ע עמפּיזונגען האָבען זיך עס איינגעשניטען אין דעם פּנים
...אין דער נשמה פון אונזער געזעלשאַפט!
...פאַר די צוואַנציג יאָהר האָט זיך אויך אויסגעשמידט אונ־
...רינג, דער אַרבייטער־רינג.
...אין דעם ריינעם, גליהענדען פייער פון כסדר׳דיגער אַר־
...ט, פון אויפאָפּפערונגס־אַרבייט, איז ער געלייטערט
...געפּרובט געוואָרען. די רויהע קלעפּ פון דעם מעכטיגען לע־
...האָבען פון איהם אויסגעהאַמערט אַן אומבאַזיגבאַרען ווע־
...וואָס מורעכט איבער אונז, ווי א ריזיגער פעלז מיט זיין
...עפּטעטיגען הויף. די שענסטע און פאַרביגסטע אידעאַלען
...דער צוקונפט האָבען איהם אדורכגעשטראַלט און אדורכ־
...ימען מיט א הייליגער ענטשלאָסענהייט.
...אייז אַן איינציגעם זעלבסט־שטענדיגען אופן האָט די אידישע
...ייטער־באַוועגונג אין אַמעריקאַ רעקרוטירט איינע פון די
...קרייזדיגסטע אַרבייטער־אַרמעען אַרויסגעבענדיג פון זיך
...ן ציהרע גענעראַלען און פעלד־פיהרער, איהרע באַגרינדער
...זאַ־ט־זאָגער, וואָס עס מאַכט איהר פאַר דער מאָדערנסטער,
...באַ־אַטיישטער אָרגאַניזאַציאָן פון וועלכע מיר ווייסען נאָר.
...אייז א וואונדערבאַרען און דאָך איינפאַכען אופן האָט אונ־
...רינג אַרומגענומען יעדען ווינקעלע און שטעדטעלע, וואו
...ן זיינען פאַרשפּרייט געוואָרען אין די לעצטע צוויי צעהנד־
...יאָהר, שאַפענדיג כמעט אַן אונאונטערבראָכענע קייט פון
...ן איבער דער לענג פון א טעריטאָריע פון איבער דריי־
...זענט מייל לאַנג. פון אַזאַ אָרגאַנישער פאַרבינדונג פון אי־
...טע גרופּען ווייסט נישט די לאַנגע און רייכע אידישע גע־
...כטע.
...צו גרויס זיינען די וועלט־געשעהענישען, וואָס טראָגען זיך
...ט פאַר אונזערע אויגען, אַז אַנדערע זאַלען קענען ווי געהעריג
...באַצאָן דעם גרויסען יום־טוב, וואָס די אידישע אַרבייטער־
...יעניג קהיבט זיך צו פייערען, דעם צוואַנציג־יעהריגען יובי־
...אום פון א. ר. אָבער מיר, אידישע אַרבייטער און סאָציאַ־
...סטען וועלען עס אָפּשאַצען. מיר וועלען מיט יעדען נערוו,
...ט יעדען פיבער פון אונזערע אברים אדורכפיהלען די הייליג־
...ט און די גרויסקייט פון אונזער יום־טוב.
...זייט געגריסט איהר אכציג־טויזענט מיטגלידער פון אַר־
...טער רינג מיט אונזער גרעסטען יום־טוב, וואָס מיר האָבען ביז
...נט געפייערט!
...זייט געגריסט דעלעגאַטען צו אונזער צוואַנציגסטער קאָנ־
...ווענשאָן! איהר מעגט זיך פיהלען גליקליך וואָס אויף אייך איז
...געפאַלען דער גרויסער כבוד צו זיין פאַרטראָטען ביי דער
...ערליכקייט פון דעם היסטאָרישען מאָמענט ווען עס שליסט

זיך אַזאַ וויכטיגער טייל אין דער געשיכטע פון אונזער טייערען אָרדען.

* * *

**פון יאָהר צו יאָהר.** פון יאָהר צו יאָהר, פון קאָנווענשאָן צו קאָנ־ווענשאָן קומט איין אַדמיניסטראַציע פון אַרבייטער רינג נאָך דער אַנדערער, מיט א פאַרגרעסערטער מיטגלידערשאַפט, מיט קאָלאָסאַלערע קאַפּיטאַלען און מיט שעהנע רעקאָרדס פון ערפאָלגרייכע אַקציעס אויף פאַרשי־דענע געביטען פון געזעלשאַפטליכען לעבען. די צוואַנציג יאָהר אַרבייט פון אונזער אָרדען זיינען כמעט אַלע געווען ערפאָלג־רייכע יאָהרען, זאַטע יאָהרען, אין וועלכע דער א. ר. איז גע־וואַקסען, מיט א מערקווירדיגער שנעלקייט. דאָ איז ניט דער פּלאַץ אָפּצושטעלען זיך באַריכות אויף דעם פענאָמענאַלען פאַקט. אָבער עס וואַרפט זיך גלייך אין די אויגען די טאַטזאַך, וואָס כמעט אונטער אַלע אַדמיניסטראַציעס איז דער א. ר. געקו־מען צו זיינע קאָנווענשאַנס מיט ערפרעהענדע סך־הכל׳ס. דאָס ווייזט, מעהר ווי וועלכע עס איז אַנדער ראיה, אויף דעם נאַטיר־ליכען געזונטען צושטאַנד פון אונזער אָרדען, אויף זיין אונ־אויפהערליכער נאָרמאַלער ענטוויקלונג און אויף דעם פרוכטבאַ־רען און זאַפטיגען באָדען, אויף וועלכען ער אָפּערירט.

אָבער גלייכצייטיג זיינען פון יאָהר צו יאָהר געוואָרען די אויפגאַבען פון א. ר. אַלץ גרעסערע. זיין פאַראַנטוואָרטליכקייט איז געשטיגען אין פּראָפּאָרציע מיט זיין איינפלוס און מאַכט. זיינע אינסטיטוציעס האָבען זיך געמעהרט און צוצווייגט זיך אין פאַרשידענע ריכטונגען. וואָס זיכערער דער א. ר. איז געוואָרען אין זיין מצב, אַלץ מעהר נייע פּראָבלעמען האָט ער באַגעגענט, אַלץ מעהר האָט זיך געפאָדערט פון די אַדמי־ניסטראַטאָרען פון א. ר., פון זיין גענעראַל־עקזעקוטיווע און פון זיינע נאַציאָנאַלע דירעקטאָרען אָריענטירונגס־פעאיגקייטען און געניטקייט.

אַזוי געפינען מיר אויך, אַז דער צוואַנציגסטער יאָהר פון אונזער טעטיגקייט אַלס אָרדען האָט באַלעסטיגט דער גענעראַל־עקזעקוטיווע מיט צוואַנציג מאָל מעהר פאַראַנטוואָרטליכקייט סיי בנוגע די פאַרשידענע שווערע אַרבייטען וואָס איז איהר אויסגעקומען אדורכצופיהרען, סיי בנוגע די פאַרשידענע פראַגען אויף וועלכע זי האָט געדאַרפט ענטפערען.

עס איז גענוג צו וואַרפען אַן איילִיגען בליק אויף דעם באַריכט פון דער גענ. עקזעקוטיוו, וואָס ווערט געדרוקט אין דעם נומער, מיט די פאַרשידענע אַנדערע באַריכטען, צו איבערצייגען זיך אין דער ריכטיגקייט פון אָט דער באַהויפּטונג. די צוויי ריעזען־אַקציעס, וואָס די עקזעקוטיוו האָט אַזוי גלענצענד דורכ־געפיהרט — דער מיטגלידער־שאַפט־קאַמפּיין און די אַרבייט פאַר׳ן רעליעף זיינען נאָר א טייל פון דער קאָלאָסאַלער טעטיג־קייט, וואָס די גענ. עקזעקוטיוו האָט אָנגעפיהרט. די וויכטיגע שטעלונגען אין דער קאָמפּליצירטער און ערנסטער סאַניטאַריום־סיטואַציע, אָדער אין דער פּעטערסאָנער דריי־לום פראַגע זיינען נאָך מוסטערען פון די פאַרשידענע פראַגען, וועלכע קענען אָפּטמאָל, גאַנץ אונערוואַרטעט, אַרויפשווימען אויף דעם טאָג־אָרדנונג פון דער פאַרוואַלטונג.

אויף וויפיעל די עקזעקוטיווע האָט זיך געספּראַוועט מיט די פּראָבלעמען בלייבט פאַר דער נאָרקער קאָנווענשאָן צו באַ־שטימען. אָבער מ׳דאַרף ניט וואַרטען אויף קיינעמס אורטייל וועגען די צוויי קאַמפּיינס וואָס די עקזעקוטיווע האָט אָנ־געפיהרט. צו קומען מיט איבער אכציג טויזענט מיטגלידער צום ערשטען מאי איז אַמוועניגסטענס אַן איבערראַשונג. אַזוי פיעל כחות, רויהע, געוואַלטזאַמע, ציניִשע און מאַסקירטע האָ־

בען זיך אונז אין פאַרשידענע ערטער געשטעלט אין וועג; אַזוי פיעל וויכטיגע וועלט־פּאַסירונגען האָבען אָפּגעצויגען די אויפמערקזאַמקייט; אַזוי פיעל שטערונגען האָבען פּאַראורזאַכט די עפּידעמיע־אויסברעכונגען אין פאַרשידענע ערטער, אַז מיר קענען אַנדערש ניט אָנרופען דעם נעטען צואוואוקס פון אַרום צוועלף טויזענט מיטגלידער פאַר׳ן לעצטען יאָהר, ווי אַ גלענצענדער טריאומף.

נעהמען מיר דעם צווייטען קאַמפּיין, ווערען מיר נאָך מעהר הינגעריסען פון דעם קוים גלויבליכען ערפאָלג. טראָץ דעם וואָס דער ציעל אין דעם רעליעף קאַמפּיין איז געווען צוויי מאָל אַזוי גרויס ווי אין דעם פאָריגען יאָהר, פונדעסטוועגען קומט די עקזעקוטיווע מיט דעם ערשטוינליכען רעפּאָרט, אַז איבער 60 טויזענט דאָלאַר זיינען שוין ערהאַלטען געוואָרען אין אָפּיס פאַר׳ן רעליעף, וואָס דאָס הייסט פּאַקטיש נאָך שעהנע טויזענטער אין די הענט פון די בראַנטשעס, וואָס האָבען נאָך אַלץ ניט דערוויזען אַדורכצופיהרען די זאַמלונגען און ווילען איבעראַשען דעם אָפּיס מיט אַ גרויסער סומע.

כמעט מיט ניט ווייניגער ערפאָלג האָט די עקזעקוטיוו־קאָמיטע געהאַט אויף דעם געביט פון לעגאַליזאַציע. ניט נאָר זיינען צוגעקומען אַ גאַנצע רייהע סטייטס, וואָס האָבען אונז פריהער געמאַכט שוועריגקייטען, נאָר עס איז אויך געלונגען דער פאַרוואַלטונג צו קריגען אַ דאָמיניאָן־טשאַרטער פאַר גאַנץ ק ע נ ע ד ע. דאָס וואָס איז נעכטען נאָך געווען אַ שעהנער חלום, איז מיט אַמאָל פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ נאָך שעהנערער ווירקליכקייט.

אויפ׳ן קולטורעלען געביט האָט די פאַרוואַלטונג אויך צו פאַרצייכענען אַ קפיצות הדרך. אין דער צייט וואָס די שורות ווערען געשריבען, פונקציאָנירען זעקס און צוואַנציג קינדערשולען פון אַ. ר. און נאָך דריי צעהנדליג זיינען אין פּראָצעס פון גרינדונג. איבער דריי טויזענט קינדער באַזוכען די שולען. איבער דריי טויזענט קינדער באַקומען אַן ערציהונג אין דעם גייסט פון אַ. ר. און פון זיינע אידעאַלען. איבער דריי טויזענט רעקרוטען פאַר די פאָדערשטע רייהען פון אַ. ר. ווערען פאַרבאַרייטעט פאַר די נעקסטע יאָהרען. ניט דאָ איז פּלאַץ זיך אָפּצושטעלען אויף דער גאַנצער באַדייטונג פון אָט דער קולטורעלער אַרבייט, וואָס איז לעצטענס ביי אונז צוגעקומען אַ חוץ די שטענדיגע קולטורעלע טעטיגקייטען, ווי דאָס אָרגאַניזירען פון פאַרשידענע קורסען, לעקטשורס, די ערמוטיגונג פון כאָרען, אָרקעסטערס, דראַמאַטישע און ליטעראַרישע גרופּען, די פאַרשפּרייטונג פון פּאָפּולער־וויסענשאַפטליכע ביכער א. אַ. וו.

עס פאַרשטעהט זיך, אַז די פאַרשידענע פאַרוואַלטונגס־קאָמיטעס, אין וועמענס רשות די אַרבייט איז געלעגען, פאַרדיענען אַ באַזונדערע אָנערקענונג. כמעט אַלע האָבען פונקציאָנירט רעגעלמעסיג און געוויסענהאַפט זיך באַצויגען צו זייער אַרבייט, וואָס איז זיי צוגעטיילט געוואָרען פון דער גענעראַל־עקזעקוטיווע.

* * *

עס איז די אָרגאַניזאַציאָנס־קאָמיטע, מיט איהרע איבערגעגעבענע און אַלטע פּראַקטישע טוער, וואָס האָט עס סטימולירט דעם רעזולטאַט־רייכען מיטגלידערשאַפטס־קאַמפּיין, וואָס האָט אַריינגעפיהרט אין אונזערע רייהען נייע זיבעצעהן טויזענט מענשען. עס איז זי, וואָס האָט דורכגעפיהרט דריי ערפאָלגרייכע אָרגאַניזאַציאָנס־טורס און האָט אויפגעוועקט די טעראָריזירטע און צושראָקענע קאָונטרי צו אַ מוטיגער טעטיגקייט. עס איז זי, וואָס האָט גורם געווען צו שליכטען די ברוקלינער סכסוכים און וואָס האָט גענומען אַזאַ ענטשלאָסענע שטעלונג אין די פּעטערסאָנער אַפער. עס איז זי, וואָס האָט מעהרסטענס אינספּירירט דעם מערקווירדיגען רעליעף־קאַמפּיין און האָט געבראַכט אַלע רעקאָרדס אין דער געשיכטע פון אַ. ר. פון שאַפען פאָנדען. עס איז זי מיט איהר אונאויפהערליכער אויפקלערונג און שטאַרקען איינפלוס אויף די דיסטריקט קאָמיטעס, וואָס האָט רעדוצירט די מגפה פון לאָזען זיך שטרייכען ביז דעם קלענסטען מינימום, וואָס מיר האָבען ווען עס איז געהאַט. די ניו יאָרקער סיטי אָרג. קאָמיטע האָט איהר אין די פּרטים פיעל געהאָלפען.

* * *

עס איז אָבער די אָפּיס־קאָמיטע, וואָס האָט אַזוי קאָמפּעטענט פאַרוואַלטעט מיט׳ן אָפּיס, באַלאַנסירענדיג גענוי צווישען די נויטיגקייט פון עקאָנאָמיע פון איין זייט און צווישען דעם באַוואוסטזיין, אַז די אָנגעשטעלטע פון אָפּיס מוזען באַקומען שכירות אין איינקלאַנג מיט דעם יקרות אויף לעבענס־מיטלען. עס איז זי, וואָס האָט צוזאַמען מיט׳ן גענעראַל־סעקרעטער אַזוי

איינגעטיילט די אַרבייט פון אָפּיס, אַז זיי זאָלען קענען ווי ג
ריג באַזאָרגען די פיעל־פאַך פאַרגרעסערטע קאָרעספּאָנדענ
די פּינקטליכע ערלעדיגונג פון אַלע אָרדערס און פאָרמאַליטע
עס איז זי, וואָס האָט פאַרפאָלקאָמט דעם אוידיטינג דעפּ
מענט און האָט פּאָפּולאַריזירט אין די בראַנטשעס די אידע
פּינקטליכער און קאָנטראָלבאַרער בוכפיהרונג. אויף איהר
אויך די פאַראַנטוואָרטליכקייט פון די „אינוועסטמענטס״
די רעזערוו־ און סורפּלוס־קאַפּיטאַלען פון אַ. ר. און זי
עס דורכגעפיהרט אויף אַ פּראַקטישען אופן. עס איז כ
קיין צווייפעל ניטאָ, אַז איהר רעקאָמענדאַציע פאַר אַ העכ
אין דעם אַדמיניסטראַציאָנס־פאָנד וועט אָנגענומען ווערען
קיינע שוועריגקייטען. מ׳קען דאָך ניט פיהרען קיין אָפּיס
1920 מיט די מיטלען פון 1918 און 1919.

* * *

די בענעפיט קאָמיטע האָט דעם יאָהר אויך ניט געהאַט
גרינגען יאָהר. די צווייטע עפּידעמיע פון 1920, כאָטש
אַזוי איבעראַשענד ווי די פון 1919, האָט פונדעסטוועגען
1½ חדשים געווילדעוועט מיט אַ מורא׳דיגער קראַפט.
האָט זיך אָפּגערופען אויף דער אַרבייט פון דער בענעפיט
מיטע, וואָס האָט, ווי ווייט מעגליך, קאָנטראָלירט די פא
דענע פּראָבלעמאַטישע פאָדערונגען פאַר סיק־בענעפיט. זי
אויך זיך פאַרבונדען מיט׳ן אַ. ר. מעדיקאַל דעפּאַרטמענט
ניו יאָרק און האָט אָרגאַניזירט פאַר דער צייט פון דער
וויכטיגע מעדיצינישע הילף אויף אַ מערקווירדיג שנעלען
נאַטירליך, דערפאַר דאַרף מען אויך דאַנקבאַר זיין די גוטע
נעדזשמענט פון מעדיקאַל־דעפּאַרטמענט, זיין ריהרעוודיג
פּינקטליכקייט און איניציאַטיווע.

* * *

און די גריוועגס קאָמיטע איז אויך ניט געזעסען דעם
אָהן אַ שטאָך אַרבייט. אויסער די געוועהנליכע סכסוכים
שען מיטגלידער און בראַנטשעס, האָט זי געהאַט אַ רייהע
פּלאָנטערטע „קייסעס״, וואו עס האָט זיך ווירקליך געפאָ
אַ ברייטע אָריענטירונג און ריכט־פעהיגקייט. צוליעב די גר
כוואַליע סטרייקען איבער׳ן לאַנד האָבען זיך פאַרמעהרט די
שולדיגונגען אין סקעבעריי און סוף כל סוף האָט זיך די גריו
קאָמיטע געמוזט פאַנאַנדערקלייבען אין דער ריכטיגקייט פ
און אין דער מדרגה פון שולדיגקייט. דער גריוועגס קאָ
איז אויך אויסגעקומען צו פאַרהאַנדלען די פּעטערס
סכסוכים און מאַכען צו דער עקזעקוטיווע איהרע רעקאָמע
שנאָס בנוגע צו זיי. אין פאַרגלייך מיט דעם פאָריגען יאָהר
די לעצטע גריוועגס קאָמיטע אויסגעקומען שווערער צו אַ
טען, און די צוואַנציגסטע קאָנווענשאָן וועט דאָס אָהן ספק
טיג אָפּשאַצען.

* * *

און עס איז אויך אויסגעפאַלען דער גורל אויף דער ס
טאָריום קאָמיטע צו האָבען איינעם פון איהרע שווערסטע
רען גראָדע אין דער צייט, וואָס איז איהר אויסגעקומע
פייערען דעם 10־יעהריגען יובילעאום פון סאַניטאַריום.
זיינען זיכער, אַז יעדער אַ. ר. מיטגליד וועט אויפמערקזאַם
שטודירען איהר לענגערען רעפּאָרט, וואָס געפינט זיך אין
נומער און וועט זיך שאַפען אַ ריכטיגען בילד פון איהר ג
דיעזער טעטיגקייט און פון די שוועריגקייטען מיט ו
וועלכע זי האָט זיך צוזאַמענגעשטויסען.
צוליעב אַ גאַנצע רייהע אורזאַכען, וועלכע האָבען זיך
געקליבען פאַר די לעצטע יאָהרען און געשאַפען אַ קראַנקהאַ
אַטמאָספערע, איז דער סאַניטאַריום געווען פאַר עטליכע
כען אַ סצענע פון אונאָרדנונג און דיסציפּלינלאָזיגקייט. צוכ
דיעזער טעטיגקייט און באַקענען זיך מיט די שוועריגקייטען
פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר דעם וואָס איז פאַרגעקומען.
פיינליכסטע דערביי איז געווען די פאַרשידענע משונה
קלאַנגען און באַוואוסטזיניגע ליגענס, וואָס אייניגע האָבע
פונען פאַר נויטיג צו פאַרשפּרייטען אום אונטערצוגראָבע
צוטרויען פון דער מיטגלידערשאַפט צו דער פאַרוואַלטונג.
די ענערגישע, געוויסענהאַפטע און אויסגערעכענטע
לונג, וואָס די סאַניטאַריום קאָמ., צוזאַמען מיט דער גענ
קוטיווע איז אויסגעקומען צו נעהמען אום די איינסטי
זאָל ניט דעמאָראַליזירט ווערען, איז געלויבט געוואָרען ענ
שפּעטער פון אַ גאַנצער רייהע אַ. ר. קאָנפערענצען און בראַ
מיטינגען. אָהן ספק וועט די קאָנווענשאָן זאָגען אין דער
אויף אַ י ה ר אויטאָריטאַטיווען וואָרט.
די גלענצענדע יובילעאום־פייערונג פון סאַניטאַריום

ן דער רעזולטאט פון לאנגע ארבייטס־פארשלינגענדע פאר־
יטונגען פון דער סאניטאריום קאמ. ליידער האט זיך דער
אריום־נומער „פריינד", וואס איז צוגעגרייט געווארען אין
ר אים צו ווערען פאנאנדערגעשיקט פ א ר דעם יובי־
ב, אפגערעגען ביז איצט אין פרעס, צוליעב דעם פאפיר־
ר.

עס איז געלונגען דער סאניטאריום קאמ. אויפ'ן פלאץ פון
פריהערדיגען סופעראינטענדענט, דר. ל. ראזענבערג, אנ־
טען דר. י. ב. פיש, וואס האט פאר דער קורצער צייט שוין
יזען צו געווינען דעם צוטרויען פון די פאציענטען, אנגע־
סטע און פארוואלטונג.

* * *

צווישען אלע באריכטען פון די פארוואלטענדע ארגאנען
. ר. אין דעם קאנווענשאן־נומער, פעהלט דאס מאל א וויכ־
ר באריכט פון דער מעדיקאל אדווייזארי באארד. אונזער
רמער און פון אלעמען באליעבטער דר. יוליוס האלפערן,
שרייבט געוועהנליך, אלס טשערמאן פון באארד, דעם יעהר־
באריכט, ליגט יעצט אין האספיטאל נאך אן ערנסטער
אציע. צוליעב זיינע איבערמענשליכע שמערצען, טראץ
זיינע אנשטרענגונגען, איז איהם אונמעגליך געווען אפילו
יקטירען א רעפארט.
כאראקטעריסטיש פאר דער באציהונג פון די א. ר. פאר־
טער צו זייער ארבייט איז, וואס פאר די וועניגע טעג נאכ־
ר האט דר. האלפערן געהאלטען אין איין ערגערן זיך ווע־
יין רעפארט און אין די גרעסטע יסורים האט ער זיך גע־
ט וועגען איהם. אפילו אין די מינוטען, וואס ער איז גע־
אין א האלב־באוואוסטזיניגען צושטאנד, האט ער אויך אן
רעפארט ניט פארגעסען און עס האט זיך איהם אלץ גע־
עלט אין מוח — רעפארט, רעפארט, רעפארט...
און מיט וויפיעל ליעבע און טרייהייט האט ער עס צוגע־
טערט דעם שרייבער פון די שורות ווען ער האט איהם דער־
ט וועגען דער צוואנציג־יעהריגער קאנווענשאן:
"The boys have done splendidly. All praises will not su
בההרים האבען אויפגעטאן אויסגעצייכענטע זאכען. אלע
געזאנגען זיינען ניט גענוג פאר זיי!)
מיר זיינען גליקליך צו לאזען וויסען אונזערע מיטגלידער,
שעת די שורות ווערען געשריבען, געפינט זיך שוין אונזער
עבטער פריינד און דאקטאר אויסער געפאהר און זיין פאל־
ריגער געזונט ווערען איז נאר א פראגע פון געצעהלטע טעג.

* * *

ה עדיוקיישאנאל קאמיטע האט זיך אנגעשטויסען דעם
מיט א גאנצע רייהע שוועריגקייטען, סיי אין איהרע לעק־
־טורען און סיי אין דער מענעדזשמענט פון „פריינד". צו־
די רעאקציע איבער'ן גאנצען לאנד האבען זיך נישט פאל־
גריג איינגעגעבען די לעקטשור־טורען לויט די אריגינעלע
ער. אין פיעל שטעדט זיינען די ברענטשעס טעראריזירט
רען און פיעל מיטגלידער האבען אפילו מורא געהאט צו
ן צו די מיטינגען. אין אנדערע שטעדט האט מען זיך
אנט צו פארדינגען די האלס צו ראדיקאלע ארגאניזאציאנען.
האט זיך איינגעגעבען צו פארענדיגען דעם איבערגעריסע־
טור מיט נעג. הלל ראגאף (צוליעב זיין אויסגעמאטערטקייט
ין וועגן) דורך אן ערגענצונגס־טור פון דר. ב. האפמאן. ווען
ורות ווערען געשריבען איז דער טור אין פולען גאנג און די
רסטע דייטס זעהען אויס צו זיין אויסגענוצט. אין איי־
ווייטערע שטעדט האט די עדיוק. קאמ. אויך אראנזשירט
שורס מיט ה. בורגין, ש. כינער און אלעקסאנדער הארקאווי,
ער די צעהנדליגע פארטראגען און לעקטשורס, וואס זיינען
נזשירט געווארען אין און ארום ניו יארק.
די שוועריגקייטען מיט'ן „פריינד" זיינען אויך געווען אונ־
ענגיג פון אונז. דער מאנגעל אין פאפיער האט זיך גלייך
ריפען אויף אונז אם שווערסטען צוליעב אונזער ריזיגער
לאציע. וואלטען מיר נאר דארפען האבען ע ט ל י כ ע
נ ד ע ר ט ?פונט פאפיער וואלט קיין גרויסער אומגליק
ן געווען. מיר וואלטען געצאהלט טייערער, אבער מיר
טען געקראגען פאפיער ארויסצוגעבען רעגולער אונזער אר־
מיר דארפען אבער האבען פאר איין נומער „פריינד"
ז ע נ ד ע ר פונט פאפיער פון איין מאס און סארט —
דאס איז געווען פאר א לענגערע צייט אונמעגליך צו קריי־
פאר קיין געלט. עס האט געדויערט איבער דריי מאנאטען
ער דאס פאפיער, וואס מ'האט נעאָרדערט פאר א הויכען

פרייז איז אנגעקומען. דאס האט אונז געגעבען א מעגליכקייט ארויסצוגעבען דעם פעברואר „סאניטאריום־נומער" און דעם מאי נומער. פאר דער צוקונפט ווערען יעצט אנגעווענדט אלע מיטלען צו קריגען פאפיער און אויב דער אסעסמענט פאר'ן „פריינד" וועט געהעכערט ווערען, ווי עס רעקאמענדירט די עדיוק. קאמ., די גענ. עקזעק. און די נ. ב. אף ד. וועט די נאר־מאלע און רעגעלע ערשיינונג פון „פריינד" זיין געזיכערט.

די עדיוק. קאמ. האט זיך אויך א ביסעל פארשפעטיגט מיט דער אויסגאבע פון די נייע ביכער, וועלכע זיינען ערשט ערשינען לעצטען מאנאט. דערפאר אבער, איז די אויסגאבע זעהר א רייכע. זי באשטעהט פון איבער אכצעהן הונדערט זייטען, אדער מעהר ווי צוויי מאל אזוי גרויס פון דער פריהערדיגער אויסגאבע.

אין דער זעלבער צייט האט די עדיוק. קאמ. אנגעפירט די גרויסע א. ר. שול־באוועגונג, וואס האט זיך שוין פארשפרייט איבער'ן גאנצען לאנד. אין דעם רעפארט פון דער עדיוק. קאמ. זיינען פאראן מעהר איינצעלהייטען וועגען דער באוועגונג, וואס פארשפרעכט צו ווערען מיט דער צייט איינע פון די וויכטיגסטע ארבייטען פון דער עדיוק. קאמ.

* * *

מיר ווילען ציהען די אויפמערקזאמקייט פון די דעלעגאטען צו דער נוארקער קאנווענשאן און די מיטגלידער פון א. ר. אמוייניגס־טענס צו צוויי רעקאמענדאציעס, וואס די פארוואלטענדע קא־מיטעס וועלען ברענגען צווישען א גאנצע רייהע אנדערע וויכ־טיגע רעקאמענדאציעס צו דער קאנווענשאן.

1) וועגען א היים פאר אונזערע עלטערע, הילפלאזע מיט־גלידער: עס איז קוים פאראן ביי אונז א מעהר פאסענדער אופן ווי אזוי צו פייערען אונזער צוואנציג יעהריגען יובילעאום, ווי דורך דער גרינדונג פון אזא נייער אינסטיטוציע. מיר זיי־נען זיכער, אז דער פראיעקט וועט ארויסרופען א באגייסטערטע פרייד איבער אלע הונדערטער ברענטשעס פון אונזער רינג און וועט סטימולירען נייע, הינרייסענדע מיטגלידערשאפט־קאמ־פיינס פון וועלכע מיר האבען נאך אין אונזער גאנץ רייכער גע־שיכטע נישט געוואוסט. מיר דערמאנען זיך אן דעם גרויסען ארגאניזאציאנס־מיטינג לעצטען ווינטער אין קופער יוניאן, וואו פר. אב. עפשטיין, דער טשערמאן פון דער גענ. עקזעקוטיוו איז ארויסגעטראטען דעם ערשטען מאל אפיציעל פאר אזא אינ־סטיטוציע. וואס פאר א דונערענדער אפלאדיסמענטען־אויסברוך איז עס געווען דער ענטפער אויף דעם אנגעמערקטען פלאן! וואס פאר א הייליגע שטימונג האט דאס אלעמען אדורכגעצוקט און אנגערעגט צו נייע גרויסע מעשים!

פון יענעם אווענט אן האבען מיר, פון פארשידענע ערטער ערהאלטען רעזאלוציאנען און אויפפאדערונגען אויפצונעמען די פראגע אויפ'ן טאגעס־ארדנונג און צוטרעטען צו א דעטאליזיר־טער באהאנדלונג פון דער פראגע. מיר צווייפלען נישט, אז די די קאנווענשאן וועט אויסקלייבען איהרע גענייטסטע און קאמפע־טענטסטע אנטיילנעמער אין דער קאמיטע, וואס זי וועט בא־שטימען פאר דעם צוועק און אז די פראגע וועט פאראינטערע־סירען אפילו די דעלעגאטען, וואס האבען נאך ביז יעצט נישט געהאט די געלעגענהייט צו פארקלערען זיך וועגען איהר.

2) וועגען א אייגענעם נאציאנאלען אפיס פון א. ר. אין ניו יארק: שוין, מיט עטליכע מאנאטען צוריק האבען מיר אנגעוויזען אין אונזערע עדיטאריעלע נאטיצען אויף דער באוועגונג, וואס די ניו יארקער סיטי ארגאניזאציאנס־קאמיטע האט אויפגעהויבען פאר א אייגענעם א. ר. נאציאנאלען אפיס. מיר האבען דאן אנגעוויזען אויף דער מאדנער איראניע, וואס גראד די, גרעסטע א. ר. צענטערס ווי ניו יארק, פילאדעלפיא און שיקאגא האבען זיך נאך אלץ נישט געשאפען קיין אייגענע א. ר. היימען, אין דער צייט וואס פיעל, פיעל קלענערע שטעדט מיט פיעל קלענערע מיטלען האבען עס שוין געשאפען. פון דעמאלט אן האט זיך שוין געענדערט די לאגע. פילאדעלפיא האט שוין אויפגעהויבען א גרויסע באוועגונג פאר א לייבאר לייסעאום און די ארבייט איז שוין יעצט אין פולען ברען. דער א. ר. אין שיקאגא האט אפגעקויפט דעם דאגלאס פארק אודי־טאריום, א ריזיגע פרעכטיגע געביידע, וואס פארטונקעלט נישט נאר אלע א. ר. לייסעאומס נאר אין אלגעמיין אלע ארבייטער טעמפלען איבער'ן גאנצען לאנד. און ניו יארק, די גרויסע, קאכיגע ניו יארק, מיט איהר דרייסיג־טויזענד קעפיגע מאסע א. ר. מיטגלידער. ניו יארק, וואס האט איבער צוויי הונדערט

און פּופּצינג א. ר. ברענטשעס, מיט אַזוי פיעל א. ר. קולטורעלע אינסטיטוציעס, מיט דעם גענעראַל־אָפיס פון גאַנצען אָרדען — זאָל נאָך נישט האָבען קיין אייגענע היים, קיין אייגענעם ווינקעל.

מיר פיהלען, אַז די דעלעגאַטען וועלען ניט פאַרשמעלערען די פראַגע און וועלען נישט קוקען אויף איהר ווי אויף אַן אָרטיגער ניו יאָרקער אַנגעלעגענהייט. דער גענעראַל־אָפיס קען זיך שוין מעהר ניט איינשרומפּען און קאָרטשען זיך אויף אַ סדום־בעטיל פון איין פלאָר. ער איז שוין אַזוי אויסגעוואָקסען אין פאַנאַנדערגעצווייגט זיך, אַז ער מוז האָבען פאַר זיך אַ ספּעציעלע געביידע, וואָס זאָל ספּעציעל געפּלאַנט און געבויט ווערען פאַר זיינע אייגענע אויפגאַבען און נויטען און וואָס זאָל אויך קענען גלייכצייטיג דינען די קולטורעלע נויטען פון אַרום 40% פון דער גאַנצער מיטגלידערשאַפט פון אונזער אָרדען.

„זאָלען מיר אויפשטעהן און בויען!"

* * *

די קאָנפערענץ פון די א. ר. שולען

די קורצע עקזיסטענץ פון די אַר. רינג קינדער שולען האָט שוין געוויזען אַרויסצורופען אַ גאַנצע רייהע וויכטיגע פראַגען, וואָס וואַרטען אויף אַן איינהייטליכען ענטפער. די אַבסטראַקטע און טעאָרעטישע פּראָגראַמען, מיט וועלכע פיעלע פון אונז האָבען זיך אַרומגעטראָגען בנוגע דער א. ר. שול, האָבען ניט געקאָנט אַנגעווענדט ווערען אין אַלעווערטער גלייך. די לעהרער, הגם אַלע כאַציאַליסטען און פּאַסענד פאַר די א. ר. שולען, האָבען אָבער פאַרשידענע בליקען אויף וויכטיגע שול־פראַגען, און עס קומט אויס, אַז כמעט יעדע שול האָט איהרע מעטאָדען, איהרע יום־טובים, איהר פאָרם פון פאַרוואַלטונג און אפילו איהר אָרטאָגראַפיע. אַ חוץ דעם האָט דאָס לעבען שוין צייטיג געמאַכט אַזעלכע פראַגען ווי — לערער־ביוראָ, לערער־קורסען, לערער־זשורנאַל, קינדער־זשורנאַל, קינדער־ליטעראַטור, קינדער־קלובען, לערער־ביכער, געזאַנג־פּראָגראַם — אַלץ אַזעלכע פראַגען, וואָס קאָנען נאָר ווי געהעריג איז פאַרהאַנדעלט ווערען אויף אַ צוזאַמענפאָהר, אין וועלכען עס באַטייליגען זיך פאַרטרעטער פון אַלע שולען.

דער רוף פאַר אַ צוזאַמענפאָהר איז דאַריבער כמעט גלייכצייטיג געקומען פון פאַרשידענע שטעדט: פון פּעטערסאָן אַזוי גוט ווי פון שיקאַגאָ, פון טאָראָנטאָ אַזוי גוט ווי פון ניו יאָרק. עס איז ניט דער געוועהנליכער, שאַבלאָנער פאַרלאַנג פאַר צוזאַמענפאָהרען זיך און אַדורכרעדען זיך. עס איז גיכער ווי אַלץ דער נאַטירליכער דראַנג צוזאַמען אויפצובויען אַ מעהר אָדער ווייניגער פּערמאַנענטע פּלאַטפאָרמע אויף וועלכער אַלע א. ר. שולען זאָלען זיך באַזירען.

און כאָטש די באַשלוסען פון דער קאָנפערענץ דאַרפען ערשט גוט־געהייסען ווערען פון דער נאַצ. עדיוק. קאָמ. און פון דער נאַצ. עקז. פון א. ר. אום זיי זאָלען אַריין אין קראַפט, פונדעסטוועגען מינימיזירט עס ניט אויף אַ האָר די באַדייטונג פון דעם ערשטען צוזאַמענפאָהר פון אונזערע א. ר. שולען.

מיר באַגריסען די דעלעגאַטען און אַלע טוער פון דער שולע־באַוועגונג אין א. ר. מיט דער ערשטער שול־קאָנפערענץ, האָפענדיג אַז די פאַרהאַנדלונגען וועלען געפיהרט ווערען אין יענעם גייסט, וואָס האָט געמאַכט דעם א. ר. פאַר די באַדייטענדסטע

אידישע אַרבייטער־אָרגאַניזאַציע אין דער וועלט.

די קאָנפערענץ וועט זיך עפענען דאָנערשטאָג, דעם 29
אַפּריל אין האַרלעמער א. ר. קולטור־צענטער, 143 איסט 103
סטריט. עס ווערען ערוואַרטעט פיעלע געסט ניט נאָר פון
שידענע א. ר. ברענטשעס, נאָר אויך פון אידישע ליטעראַ
קינסטלער און קולטור־טוער.

---

קינדערשע גאָלדענע הערצער

קינדער זיינען פון נאַטור אויס עמפּינד
זייערע נשמות ריין און ציכטיג. זייערע הערצ
צאַרט און מיטפיהלענד. אָבער דער אַרומיגער
הער, אָפטמאָל שמוציגער לעבען פלעקט און ב
ריעט הויפּטזעכליך זייערע העלע נשמות, אַזוי ווי כאַזשע
זיך גיכער איין אין אַ ווייסען, אונבאַפלעקטען טישטוך. די
דער אויף אונזערע אַמעריקאַנער גאַסען, איבערחויפּט אין
געטאָס און נאָך מעהר אונזערע אידישע קינדער, זיינען געוואָ
אַ שם־דבר פון ווילדקייט און רויקייט, פון טעמפּקייט און כ
גאַנסטוואָ. אַ היבשער שיכט בלאָטע פון דעם אַרומיגען לע
פאַרדעקט די קריסטאַל־קלאָרע הערצער פון די קינדער א
וועלכען עס וואַקסען אַרויס אַלע ווילדע שטעך־גראָזען און
טערע קרייטיכער.

אָבער זאָלען מיר אַ קוק טאָן אויף די קינדער וואָס
זוכען אונזערע א. ר. שולען. איין בליק נאָר פון אויבען־אַ
וועט אונז איבערצייגען, אַז דער גענגען־גיפט, וואָס ווערט
געבען אין אונזערע שולען איז גענוג ווירקזאַם אַפּצוטויטען
שעדליכע ווירקונגען פון דער גאַס, ווי פון דער אַטמאָספ
פון אַנדערע פּאָבליק־סקולס. אָבער נישט דאָס ווילען מיר
אָנווייזען. מיר ווילען צייהען די אויפמערקזאַמקייט פון די
גלידער פון א. ר. אויף דעם פאַקט, אַז די קינדער פון אונז
א. ר. שולען האָבען אויפגעהויבען אַ באַוועגונג צו שטיצען
ראַדיקאַלע אידישע שולען אין פּוילען. אָפּשאַרענדיג פון
ערע נאַשערייען און אַנדערע קינדערשע הוצאות האָבען אנד
א. ר. קינדער־שולען באַוויזען צו זאַמלען סומען, וואָס ק
גאָרנישט אויס ווי אַ קינדער־שפּיעל, נאָר זיינען גאַנץ סאָ
און וועלען טאַקע פיעל, פיעל העלפען אונזערע שול־אינסט
ציעס אין וואַרשאַ און אין אַנדערע פּראָלעטאַריער־צענטרען
פּוילען. די איניציאַטאָרען אין דער באַוועגונג זיינען געווע
שולען אין ראַק־איילענד און שיקאַגאָ. פון די לעצטע
די עדיוקיישאַנאַל קאָמ. פון א. ר. ערהאַלטען נישט לאַנג
ריק אַ טשעק פון 600 דאָלער פאַר דעם צוועק. אָבער ד
איז נאָר אַן אָנהייב. אונזערע שולען פון גאַנצען לאַנד,
טאַקע נאָר די קינדער אליין, וועלען זיך טיילען מיט זיי
ביסעלע מיט זייערע ברידערלאַך און שוועסטערלאַך אין
מדינות פון פּאָגראָמען און הונגער.

טייערע קינדער אונזערע! באַזייטיגט מען נאָר די ב
טע און שמוץ, וואָס קלייבט זיך אָן אויף זיי אין אונז
אימת׳דיגע גאַסען — ענטפּלעקען זיך פאַר אונז זויבערע
זיכטער מיט אמת־שעהנע שטריכען און ליניען. און קומען
נאָר אין דער אַטמאָספערע פון אונזערע שולען — און עס עפ
זיך פאַר אונז די גאָלדענע קעמערלאַך פון זייערע נאַבעלע, צ
טע און ריהרענדע הערצלאַך.

# צו די דעלעגאטען

פון אב. עפשטיין.

מיר קומען זיך צוזאמען צו דער צוואנציגסטער יעהרליכער
נווענשאן פון אונזער ארבייטער רינג. ביי דיזער קאנווענשאן
ען מיר פייערן דעם צוואנציג־יאהריגען געבורטסטאג פון
ער גרויסען און שעהנעם ארבייטער־ארדען, וואס איז מיט
י פיעל מיה און אפפער געבויט געווארען. מיר וועלען פייער־
צוואנציג יאהר שווערע און ביטערע ארבייט. דער לאנגער
; איז ניט געווען געבעט מיט בלומען; דערנער און שטיינער
ען געלעגען אויף יעדען טריט און שריט. ניט נאר האבען
ערע שונאים אונז פערפאלגט, נאר אויך אונזערע פריינד
בען אונז אין די ערשטע יאהרען פון אונזער עקזיסטענץ זעהר
ינג אויפמערקזאמקייט געשאנקען, און זעהר אפט זאגאר
מערט. אמת, זייערע מאטיווען זיינען געווען ריינע. זיי
בען אונז ניט פארשטאנען. זיי זיינען געשטאנען אויף דער
אין האבען בלויז געקוקט צום הימעל. זיי האבען זיך
גערעכנט פארשטעלען אז מען קען פעראייניגען דאס ערדי־
מיט'ן הימלישען, אדער, בעסער געזאגט, אז דורך דאס
יישע זאל מען אייך קענען עדרייכען עטוואס פון הימלישען,
דער ארבייטער רינג האט עס בעוויזען אפילו פאר די עק־
עמסטע לינקע אין אונזער בעוועגונג.

עס איז ניט מיין אויפגאבע צו שרייבען די צוואנציג יאה־
ע געשיכטע פון ארבייטער רינג; וואס איז אזוי רייך, שעהן
אינטערעסאנט, ווייל ניט דער פלאץ און ניט די צייט ער־
בט עס מיר. איך וויל נאר אין קורצען זאגען, אז די קאנ־
נשאן דארף זיין אן אמת יום טוב'דיגע. זי דארף געפייערט
ען מיט פיעל פראכט און גלאנץ. א שיר־השירים קאנווענ־
ן זאל עס זיין. מיר האבען אלע רעכט דערצו. אלס אן
ען איז דער ארבייטער רינג איצט דער שטארקסטער, דער
בטיגסטער, דער רייכסטער און דער זיכערסטער פון אלע אנ־
ע אידישע ארדענס אין לאנד. אלס אן ארבייטער־ און סא־
ליסטישע ארגאניזאציאן האט זיך דער א. ר. אויך ניט וואס
שעהמען. אם בעסטען האבען עס בעוויזען די לעצטע פאר
ר; אין די לעצטע פינסטערע און שרעקליך רעאקציאנערע
טען, וואו איינינע טיילען פון אונזער באוועגונג האבען זיך
געוייסע מאמענטען זעהר שטארק א בויג געטאן רעכטס,
דער א. ר. געבליבען אייזען־פעסט ביי זיינע פרינציפען און
נאבען.

די גרינדער פון ארבייטער רינג האבען זיך פיליכט קיין
ניט פארגעשטעלט, אז זייער ארבייט זאל געקרוינט ווע־
מיט אזא גרויסען ערפאלג. איך, אלס איינער פון זיי,
קיין מאל ניט גע'חלום'ט, אז צום צוואנציגסטען יעהרלי־
קאנווענשאן זאל דער ארבייטער רינג האבען אכציג טוי־
מיטגלידער. אן ארמיי פון אכציג טויזענד ראדיקאלע
ישע דיסציפלינירטע סאלדאטען, מיט אזא גרויסען פארמע־
מיט א סאניטאריום פאר קאנסאמפטיוו מעמבערס, וואס
פארבונדען מיט אזוי פיעל אויסגאבען, מיט אזא ברייטען
צווייגטען בילדונגס־אפאראט און אזוי אקטיוו אויף יעדען
ט פון געזעלשאפטליכער ארבייט.

אכציג טויזענד מיטגלידער איינגעטיילט אין זעקס הונ־
ט און עטליכע און צוואנציג ברענטשעס, פאנאנדערגע־
ייט איבער'ן גאנצען לאנד אין מזרח און מערב, אין צפון
אין דרום. דאס זיינען זעקס הונדערט און עטליכע און
אנציג שילען, וואו דער אידישער ארבייטער לערנט דעם
טיגען לעבען פון ארבייטער סאלידאריטעט. דאס זיינען
הונדערט און עטליכע און צוואנציג קולטור צענטרען,
וועלכע עס ווערט אריינגעבראכט אויף פערשיעדענע ווע־
און אויף אן ארגאניזירטען אופן ליכט און אויפקלערונג
די אידישע פראלעטאריער הייזער.

א גאלדענע קיים ציהט זיך דורך איבער'ן גאנצען לאנד,

אין יעדער שטאדט און שטעדטעל — א. ר. קאאפעראטיווען, אין יעדער שטאדט און שטעדטעל — א. ר. לייסעאומס, אין פיעלע שטעדט און שטעדטלעך א. ר. קינדער שולען און שולען פאר דערוואקסענע; די רעליעף פאר אונזערע שוועסטער און ברידער פון יענער זייט ווערט אין פיעלע שטעדט און שטעדט־לעך אויסשליעסליך אנגעפיהרט פון אונזערע ברענטשעס, און אלס רעזולטאט דערפון האט שוין דער א. ר. איבערגעשיקט נאך אייראפא פאר אונזערע מלחמה קרבנות א שעהנע פאר הונדערט טויזענד דאלארס. מיט איין ווארט: אונזער א. ר., וואס איז ביי זיין גרינדונג בעטראכט געווארען אין אונזער באוועגונג פאר אן אונגעבעטענעם גאסט, פאר א פרעמדען, פאר א קרוב פון די פעראכטעטע לאדזשען, פון די ארדענס, מיט זייערע „ברידער־פרעזידענטען“, מיט זייערע צערעמאניעס, וואס זיינען אזוי פארהאסט ביי פראגרעסיווע מענשען. יא, דער א. ר., וואס איז אין די ערשטע יאהרען פון זיין עקזיסטענץ בעטראכט געווארען אלס דאס שטיף־קינד פון דער אידיש־אמע־ריקאנישער ארבייטער באוועגונג און אפשר גאר אלס דער ממזר — איז היינט צו זיין צוואנציגסטען יעהרליכען געבורטס־טאג אזוי אויסגעוואקסען סאי אין גרויס, סיי אין חן, סאי אין מאכט, אז ער פארנעמט דעם אויבען־אן, די ערשטע שטאדט אין דער מזרח־וואנט פון אונזער ראדיקאלער באוועגונג. איך גלויב, אז דאס אלץ בארעכטיגט אונז פאלשטענדיג צו פארוואנד־לען דעם צוואנציגסטען יעהרליכען קאנווענשאן פון אונזער א. ר. אין א גרויסען, רייכען יום טוב. עס איז אבער מיין הייסער און היילינער וואונש, אז ניט נאר זאל די קאנווענשאן זיין א יום טוב'דיגע, נאר אויך א ה י ס ט א ר י ש ע. די קאנווענ־שאן דארף איינשליסען א נייעם גאלדענעם בלאט אין דער רייכער געשיכטע פון א. ר., אן עפאכע־מאכענדע קאנווענשאן מוז עס זיין. מיר מוזען זי פאראייביגען מיט עטוואס גרויסעם, מיט עטוואס ערהאבענעם. דער א. ר. געפינט זיך איצט אין דער זעלבער לאגע ווי דער אויסגעוואקסענער צוואנציג־יאה־ריגער געזונטער בחור, פול מיט ווארימע הייסע בלוט, מיט ענערגי און אקטיוויטעט. אט די ענערגי און אקטיוויטעט דאר־פען מיר אויסנוצען. נאטירליך מוזען מיר אויפפאסען און דירעקטען אז די ענערגי און אקטיוויטעט זאל אויסגענוצט ווערען אין דער פאסענדער צייט און אויפ'ן ריכטיגען וועג. אייך, דעלעגאטען צו דער קאנווענשאן, טראגט אויף זיך די גאנצע פעראנטווארטליכקייט, דערפאר וויל איך ציהען אייער אויפמערקזאמקייט, אז צווישען די פיעלע רעקאמענדאציאנען, וואס די נאציאנאלע עקזעקוטיוו קאמיטע ברייננט צו דער קאנ־ווענשאן, ווערט איהר געפינען די פאלגענדע צוויי: — „א היים פאר אונזערע אלטע מעמבערס“, און „אן ארבייטער רינג היים אין נויארק“. ביידע פראגען זיינען פון גרויסער וויכטיגקייט. ביידע אונטערנעהמונגען זיינען קאלאסאלע. איהר ווערט אויף זיי דארפען ענטפערען. איך גלויב ניט, אז איך דארף אייך אגיטירען, אז די ביידע אונטערנעהמונגען זיינען פאר אונז לעבענס־פראגען; מיר ווערען עלטער, מיר מוזען ווערען אלט; וואו טוט מען זיך אהין אויף די עלטערע יאהרען. דער שטאאט האט נאך ניט פארזארגט קיין היים פאר די ארבייטער, ווען זיי קענען אליין זיך שוין מעהר ניט פארזארגען; אנקומען, ווידער, צו צדקה, צו די פילאנטראפישע אינסטיטוציעס, איז פאר א ראדיקאלען מענשען זיכער ניט קיין פלאן.

ניט פון קלענערער וויכטיגקייט איז פאר אונז אן ארבייטער רינג הויז אין נויארק, די וויגעלע פון ארבייטער רינג. מיר האבען זיך פשוט דא ניט וואו אהין צו טאן. אונזער ארבייט, אונזער אקטיוויטעט איז אזוי פארצווייגט אויף פארשיעדענע געביטען, אז מיר מוזען האבען א געוויסען צענטער. מיר מוזען

האבען פלאץ פאר אונזערע קינדער־שולען, סעמינארען, ארקעס־טראס און כארען, מוזיק־שולען, דראמאטישע־ און רעדנער שו־לען, לייברעריס א. א. וו. איבערהויפט דארף דער א. ר. האבען זיין א י י ג ע נ ע היים. עס איז אמת, אז בײדע אונטער־נעהמונגען זיינען קאלאסאל גרויסע, פארבונדען מיט פיעל געלט, מיט גרויסע שוועריגקייטען, אבער דאס טאר אונז ניט אפשרע־קען. צו שוועריגקייטען זיינען מיר שוין געוועהנט. מיר דאר־פען נאר האבען דעם אמת'ן פארלאנג, דעם גרויסען ווילען און פולען גלויבען אין אונזערע קרעפטען און במילא וועלען שוין געשאפען ווערען די מעגליכקייטען. איבערהויפט האלט איך שטארק פון דעם אידישען פאלקסווערטעל, „ווען מען רייסט ניט אפ מיט גוואלט האט מען ניט". מיר מוזען זיך אביסעל אנשטרענגען. עס איז ווערט צו מאכען יעדען אפער פאר אונ־זער טייערען ארדען.

איך וויל פארביינגעהענדיג אויך אנדייטען אויף א דריטע רעקאמענדאציע פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע, און

דאס איז: „צו טעקסען יעדען מיטגליעד מיט 15 סענט
העלפען די היברו אימיגראנט אייד סאסייעטי אין זייער א
טיגער שווערער לאגע צו דעקען א גרויסע סומע ג
פאר א בילדינג וואס זיי האבען געקויפט". איך גלויב אז
א. ר. וועט טאן זעהר א גוטע און שעהנע זאך מיט דעם ו
ער וועט האבען א גרויסען חלק אין דער היים פאר דעם
דישען אימיגראנט. מיר זיינען אלע אימיגראנטען, מיר ערווא
אונזערע קרובים זאלען אהער עמיגרירען. עס איז אונזער היי
פליכט זיי צו העלפען. די „היברו אימיגראנט אייד סאסייע
איז א פאלקס אינסטיטוציע און אלס אזעלכע דארפען מיר
בעטראכטען און אנטייל נעהמען אין אלע איהרע אונטער
מונגען.

איך וויל האפען, אז די אויבענדערמאנטע דריי פרא
וועלען קריגען אייער פולע אויפמערקזאמקייט, און מיט אי
גאנצען ערנסט און פייער פון אייערע נשמות וועט איהר
העלפען דורכפיהרען אין לעבען.

# אונזער אייגענע רעוואלוציע

פון א. ליטווין

דער איצט באריהמט געווארענער קארעספאנדענט פון דער שיקאגאער „דעילי ניוס" און דער ניו יארקער „גלאוב" אייזיק דאן לעווין, דער ערשטער רעפארטער פון די קאפיטאליסטישע אמעריקאנער צייטונגען, וואס האט געהאט דעם מוט צו שרייבען פון רוסלאנד, אין א טאן פון רעספעקט צו די סאוויעטען, ווערט איצט איינגעלאדען פון א גאנצער רייהע ארגאניזאציעס אין לאנד צוריידען וועגען רוסלאנד. מעהר פון אנדערע, נא־טירליך, אינטערעסירען זיך מיט זיינע רעפארטען פארשיידענע אידישע ארגאניזאציעס.

אייזיק דאן לעווין איז ניט קיין סאציאליסט. די באלייכ־טונג פון די פאקטען, וואס ער גיט איז פאר אונז ווייניגער אינטע־רעסאנט, ווי די פאקטען אליין. זעהר וויכטיג זיינען, נאך מיין מיינונג, די פאקטען, וואס ער האט געבראכט אין א פארטראג פאר די שיקאגאער „בני ברית" וועגען דער צוקונפט פון די אי־דען אין סאוויעט רוסלאנד".

„אמת, האט ער געזאגט, אין סאוויעט רוסלאנד שלאגט מען ניט און מען פארפאלגט ניט קיין אידען. אבער די עקאנאמישע סיסטעם פון דער איצטיגער ארדנונג אין רוסלאנד איז אזעלכע, וואס וועט די אידען אין גאנצען רואינירען. מיט אנדערע ווער־טער הייסט עס, אז דורך דער באלשעוויסטישער סיסטעם בלייבען אידען אן וועלכע ס'איז מיטלען צו עקזיסטירען.

מר. לעווין האט צוגעגעבען, אז די האזיגע סיסטעם איז ניט ספעציעל געציילט קעגען אידען. אבער ווייל די אידען זיינען אין גרעסטער צאהל סוחרים און קליינהענדלער, מוזען זיי נאטירליך ליידען עקאנאמיש, ווען די אלטע סיסטעם ווערט אפגעשאפט און א נייע אהרדנונג, א ריין סאציאליסטישע, ווערט איינגעפיהרט. ער איז מיט דער מיינונג אז ניט ווייניגער ווי 95 פראצענט פון די אידען אין סאוויעטען־רוסלאנד זיינען קעגען באלשעוויזם און זיי זיינען גערן פון דארטען ארויסצופאהרען נאך אמעריקא אדער פאלעסטינא.

מר. לעווינ'ס אויספיר איז געווען, אז די איינציגע האפנונג פאר די אידען אין רוסלאנד איז א ד ע מ א ק ר א ט י ש־ ב ו ר ז ש ו א ז ע ר ע פ ו ב ל י ק.

דער האזיגער אויספיר איז זעהר א ריכטיגער. און אנדער פראגע איז: צי איז מעגליך, אז רוסלאנד זאל ווערען פון א סאוויעטען־רעפובליק צוריק, ווי זי האט געזאלט זיין פאר קע־רענסקי'ן, — א דעמאקראטיש־בורזשואזע רעפובליק?

ווי די פאסירונגען אנטוויקלען זיך איצט זעהען מיר, אז די באלשעוויקעס זעהען גאנץ פעסט אין זאטעל. דאס ווייסען די קאפיטאליסטישע אליאירטע מלוכות גאנץ גוט, און זיי איילען זיך צו מאכען שלום מיט סאוויעטען־רוסלאנד.

די פראגע: צי וואלטען מיר, די פארטגעשריטענע אידען, וועלען אז סאוויעטען־רוסלאנד זאל ווערען א דעמאקראטיש־בור־זשואזע רעפובליק? לאזען מיר דערווייל אן א זייט. ארויס־

געהענדיג פון די פשוטע פראקטישע אינטערעסען פונ'ם אידי
פאלק, וועלען מיר זיך אפשטעלען בלויז אויף דער ערש
פראגע: צי איז מעגליך איצט א דעמאקראטיש בורזשוא
רעזשים אין רוסלאנד?

אויף דעם איז דער ענטפער איצט קלאר. ע ס א י ז נ
מ ע ג ל י ך.

מיר וועלען געהן ווייטער פון אייזיק דאן לעווין. מיר ווי
דערזאגען, וואס ער האט ניט דערזאגט. די גרויסע מעהר
פונ'ם אידישען פאלק אין רוסלאנד וועלען מוזען אויסוואנדע
פון דארטען ניט בלויז צוליעב עקאנאמישע סבות, נאר א
און דער עיקר, צוליעב פאליטישע. מיר ווייסען, אז פאליט
און בירגערליכע רעכט אין רוסלאנד האבען איצט בלויז אר
טער. אידען, אלס א פאלק, וואס באשטעהט צו מעהרסט
הענדלער, זיינען אויסגעשלאסען פון בירגערטום. פאקטיש
אלזא זייער לאגע ערגער ווי זי איז געווען פריהער פאר'ן צארי
רעזשים. דעמאלט זיינען זיי געווען אין געוויסע רעכט באג
נעצט. אבער אין אלגעמיין זיינען זיי געווען פאררעכנט
רוסישע אונטערטאנען, און אונטערטאנען זיינען דאך אלע גע
אין רוסלאנד, אהן א שום אויסנאם.

אבער ניט בלויז עקאנאמיש און פאליטיש וועלען די אי
זיין רעכטלאז אין פרייען רוסלאנד. מאראליש וועט זייער ל
זיין נאך פיל שלימער. די אלגעמיינע, ניט אידישע באפע
רונג, וועט זיי האסען און פארפאלגען, אהן א שום אויסנאם
קלאסען און פארטייען. די בורזשואזיע וועט זיי האסען,
באלשעוויקעס, ווי די, וואס האבען מיטגעהאלפען ארויפצוזע
זיי פון בענקעל, ברייננגען אויף זיי אלע צרות. מיט דער
זשואזיע וועלען געהן צוזאמען די פריצים, דער גרויסער ש
פריוויליגירטע טשינאווניקעס, וואס זיינען רואינירט געווא
דורך דער רעוואלוציע.

דער ארבייטער־קלאס, ווידער, און די פויערען וועלען
האסען און פארפאלגען, ווי פאראזיטען, ווי א קלאס וואס פ
דוצירט אליין גאר נישט, נאר זיצט אויף די פלייצעס פון
דערע פראדוצירענדע קלאסען. קיין אפענע פאגראמען ווע
פארשטעהט זיך, ניט פארקומען. ווארום אפענע פאגראמען
האמטענע רויב און מארד וועט די סאוויעטען־רעגירונג נים ד
לאזען, ניט מאהבת מרדכי, נאר משנאת המן: ווייל פאגרא
זיינען א גרויסער געווינס פאר דער רעאקציע און קאנטר־
וואלוציע. אבער קעגען שטילע עקאנאמישע פאגראמען
געזעלשאפטליכען באיקאט פונ'ם פאלק, פון אלע קלאסען קע
אידען, וועט די רעגירונג גאר נישט קענען העלפען. זי ו
אויך ניט וועלען העלפען.

אזוי צו אזוי זעהן מיר אז דער שיקזאל פון די מיליא
אידען אין רוסלאנד איז פארזיגעלט, זייער חורבן איז זיכ
דער איינציגער וועג, וואס בלייבט זיי, ווי אייזיק דאן לע

…ט אַן, איז אַ סגואַנדערען קיין אַמעריקאַ און פּאַלעסטינאַ.
איז אָבער אָט די רעטונג מעגליך?
מיר …בען, אַז דערווייל זיינען די טויערען פון אַמעריקאַ אימיגראַנטען פאַרשלאָסען. און אויב אפילו זיי וועלען זיך …ען, …עט די אויפזיכט אויף דער איינוואַנדערונג זיין זעהר …ענג. …יעגען אריינלאָזען די מיליאָנען אידען, וואָס שטעהען …פּ'ן …ועג קאָן גאָר קיין רייד ניט זיין.

מיר דאַרפען אויך ניט לעבען אין טעות בנוגע פּאַלעסטינאַ. די ציוניסטישע בלעטער מעלדען, וועט די ציוניסטישע …אָרגאַניזאַציע זיין אין שטאַנד אריינצונעמען אין פּאַלעסטינאַ פון …סיג ביז פערציג טויזענד אימיגראַנטען דעם ערשטען יאָהר. …סאַמע אָפּטימיסטישע חשבונות ערלויבען צו טרוימען וועגען …אריינברענגען אין פּאַלעסטינאַ פאַר די ערשטע צעהן יאָהר ביז …מיליאָן אידען. אָבער פאַר קיין פאַל ניט מעהר.

…אין אַלזאָ קלאָר: די אונגעהויער גרויסע מאַיאָריטעט אי… …וואָס קאָן ניט בלייבען אין רוסלאַנד האָט ניט וואוהין צו …ען.

מ'דאַרף דערצו נעמען אין באַטראַכט נאָך אַ זאַך. לויט אַ …ראָגראַם פון די ציוניסטישע פיהרער וועלען אריינגעלאָזען ווערען …פּאַלעסטינאַ בלויז האַנדווערקער, מענשען מיט אינטעלי… …טע פּראָפעסיעס (ווי לעהרער, טעכניקער, אינזשינירען, דאָקט… …ים א. ז. וו.) פּראָסטע ארבייטער, ערד־ארבייטער. פון ניט …פּראָדוצירענדע עלעמענטען וועט געמאַכט ווערען אַן אויסנאַהם …פאַר מענשען מיט גרויסע קאַפּיטאַלען. אַזעלכע זיינען אָבער …ס ניטאָ קיין בעה… און גראָד אָט די אויסגעריבענע עלע… …טען …ויטיגען זיך ניט אין עמיגראַציע. פאַר זיי איז אָפען …פרייע רוסלאַנד. זיי וועלען קאָנען געניסען אַלע רעכט אין …בעפרייטען רוסלאַנד. וואָס אַנבעלאַנגט די אידישע קאַפּי… …טאַליסטען, וועט אַ גאַנץ קליינער טייל פון זיי, די מעהר אידעאַ… …ליסטישע, חשק האָבען צו פאַרלאָזען רוסלאַנד און באַזעצען זיך …פּאַלעסטינאַ. די איבעריגע וועלען נאָך אַ לענגערע צייט …ען מאַכען גוטע געשעפטען אין רוסלאַנד אפילו פאַר דעם …סאָוויעטען־רעזשים. און די וואָס וועלען ניט קאָנען, וועט זיך …זיי אַ סך בעסער לוינען צו באַזעצען זיך דערביי, אין די …אַנדערע, אַ שטייגער: אין די באַלטישע האַלב־סאָ… …וויעטיסטישע שטאַאַטען, אין דייטשלאַנד, און מאַכען גוטע פּראָ… …פיטען אַלס פאַרמיטלער אין דעם ארויספיהר און אריינפיהר־האַנ… …דעל, וואָס וועט זיך באַלד אויף אַ ריזיגען אופן אַנטוויקלען …צווישען רוסלאַנד, איירָאָפּאַ און אַמעריקאַ.

…ויזן מיר זאָלען אפילו זיך וועלען איינשמועס'ן, אַז דורך …דיפּלאָמאַטישע אַנגעשטרענגטע שתדלנות וועט זיך אונז איינגעבען צו …בען דייכטער דאָס אריינלאָזען פון אידען אין אַמעריקאַ, קאָנען …מיר אָבער אויף קיין פאַל ניט דערוואַרטען, אַז די צאָהל אריינ… …געלאָזענע זאָל זיין מעהר ווי הונדערט טויזענד אַ יאָהר און דאָס …אינגעפעהר דער צו־וואַקס פון דער אידישער באַפעלקערונג …רוסלאַנד.

…בן איז נאָך אַמאָל קלאָר דער טרויעריגער, מורא'דיג טרויע… …ער פאַקט: די גרויסע מעהרהייט פון אידען אין רוסלאַנד …עהען דאַרט פאַר אַ קאַטאַסטראָפע: זייער עקאָנאָמישער פונ… …דאַמענט איז אין גאַנצען חרוב, פּאָליטיש זיינען זיי רעכטלאָז, …געזעלשאַפטליך אויסגעשלאָסען. און וואוהין צו געהן איז ניטאָ.

* * *

…אין אָבער, באמת, קיין שום האָפנונג ניטאָ פאַר די אידען …רוסלאַנד? איז באמת אונזער איינציגע אויסזיכט: טאָמער …ט גאָט רחמנות האָבען און דעניקין וועט פאָרט צושלאָגען די …באָלשעוויקעס און אַרויף אויפ'ן בענקעל?

…איך זאָג נאָך אַמאָל: לאָמיר לאָזען דערווייל אָן אַ זייט …אונזערע, די פּראָגרעסיווע אידענס, אייגענע סימפּאַטיעס, אָדער …אַנטיפּאַטיעס בנוגע די באָלשעוויקעס. לאָמיר קוקען מיט ניכ… …טערע אומפּאַרטייאישע בליקען דער ווירקליכקייט אין פּנים אריין. …דער וואָס האָט נאָר מאַרך אין קאָפּ און איז פעהיג אָפּצו… …געבען זיך רעכענונג אין דער אַנטוויקלונג פון די היסטאָרישע פאַ… …קטאָרען פאַר אונזערע אויגען דאַרף זיין קלאָר גענוג, אַז דער …גאַנג פון די געשעהעניסען פיהרט ניט צו דעמאָקראַטיש־בורזשואַזע …רעפּובליקען אין איירָאָפּאַ. און נאָך וועניגער אין רוסלאַנד.

…די פאָרם פון אַ סאָוועטען־רעפּובליק איז שוין אין גאַנצען אַ …פאַקט אין רוסלאַנד און האַלב אַ פאַקט אין דייטשלאַנד*) און …טרייך.

…פאַר ענגלאַנד און איטאַליען איז דאָס אַ פאַקט פון

די נאָהענטסטע פאַר יאָהר. אין די איבעריגע איירָאָפּעאישע לענדער וועט דאָס זיין אַ פאַקט אין די נאָהענטסטע פיער־פינף יאָהר. אילוזיעס ניט מעהר.

אייזיק דאָן לעווין איז אַן ערנסטער און פעהיגער רעפּאָר־טער. אָבער איהם פעהלט די אַנאַליטישע און פּסיכאָלאָגישע פעהיגקייט פונאַנדערצוקלייבען זיך אין פאַרוויקעלטע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פּראָצעסען. ארויסדרינגען פון פאַקטען די גוי־טיגע שלוסען. ער האָט פאַר אונז אַנידערגעשטעלט די טרוי־עריגע פאַקטען, געשטעלט אונז פּנים אל פּנים צו אַ מורא'דיגע טראַגישע רעטענים, און זאָגט אונז: אָט דאָס איז דער שרעק־ליכער ביטערער אמת: העלפט זיך ווי איהר פאַרשטעהט...

אַלזאָ לאָמיר פּרובען העלפען זיך אַליין. לאָמיר אַליין פּרו־בען לייזען די אונגליקליכע רעטענים.

וועלען מיר קאָנען, אפילו אַנשטרענגענדיג אַלע אונזערע כחות, דרעהען די רעדער פון דער געשיכטע צוריק? ברייגגען אין רוסלאַנד, אַנשטאַט דעם איצטיגען זיגרייכען פעסטען סאָ־וויעטען־רעזשים אַ דעמאָקראַטיש־בורזשואַזע רעפּובליק, וואָס זאָל זיך מעהר פּאַסען פאַר אונזערע אָפּגעשטאַנענע עקאָנאָמישע קוואַלען פון חיונה?

דער ענטפער מוז זיין נאָר איינער: ניין! מיר וועלען עס אויף קיין פאַל ניט קאָנען! מיר ווייסען, אַז שטאַרקערע, ווי מיר, פּאָליטישע כחות האָבען דאָס געוואָלט טאָן און האָבען ניט געקאָנט. האָבען ניט געקאָנט ענדערען דעם האַסטיגען שטראָם פון די נייע היסטאָרישע געזעצען, וואָס האָבען זיך אדיינגעריסען אין דער וועלט צוזאַמען מיט'ן בלוטיגען מבול און שטרעבען צו באַהערשען די ערד.

נאָר לאָמיר רעכענען אויף אַ רגע, אַז מיר וועלען יאָ קאָנען ענדערען די היסטאָרישע געזעצען; אַז אונז וועט זיך איינגעבען דאָס, וואָס אַלע פינסטערע כחות פון איירָאָפּאַ און אַמעריקאַ האָבען ניט געקאָנט באַוויזען. שטעלט זיך די פראַגע: דאַר־פען מיר וועלען, אַז צוליעב אונזער עקאָנאָמישער אָפּגעשטאַנענ־קייט זאָלען צוריק פאַרשקלאַפט ווערען מיליאָנען מיט מענשען; זאָלען די טויזענדער קרבנות, וואָס זיינען געבראַכט געוואָרען פאַר דער באַפרייאונג פון דער מענשהייט זיין אומזיסט?

און אָט איז נאָך אַ דריטע און די לעצטע פראַגע: וואָלטען מיר באמת געוואונען פון אַ דעמאָקראַטיש־בורזשואַזע רעפּובליק? וואָלטען מיר קאָנען בלייבען ביי אונזערע פרנסות? וואָל־טען אונזערע פרנסות געקאָנט זיין פאַר אונז אַ זיכערער קוואַל פון חיונה?

און אויף דעם איז דער ענטפער אויך אַזוי אבסאָלוט און קלאָר, ווי אויף דער ערשטער פראַגע: — ניין! מיר וואָלטען אַב־סאָלוט גאָר ניט געוואונען, ווייל אונזער עקאָנאָמישער בנין איז האָפנונגסלאָז צעפּוילט און צעשטערט.

מיר וואַרפען זיך, ווי אַ קראַנקער אויף אַלע זייטען: אונ־זערע אינגערע, פאַרטגעשריטענערע, ראַדיקאַלערע עלעמענטען געהען, מוזען געהן מיט'ן סאַמע ליגקען שטראָם. זעכציג טויזענד אידישע יונגע לייט פון אוקראַינא אַליין קעמפען אין די רויטע אַרמייען. לויט מאַקסים גאָרקי'ס עדות זאָגען שפּילען אידען זעהר אַ וויכטיגע ראָלע אין דער רוסישער סאָוויעטען־רעגירונג, כאָטש זעהר וועניגע פון זיי זעהען זיך אָן אין דער פראָנט. די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע, דער באָלשעוויסטישער ערפאָלג־רייכער קאַמף אויף צוועלף פראָנטען און גלענצענדער זיג איי־בער אַלע קעגען זיי פאַראייניגטע פינסטערע כחות האָט, אָהן אַ שום ספק, אַ סך צו פאַרדאַנקען אידישע קעמפער. אָט דער זיעג אָבער ברייגגט דעם אידישען פאָלק טויט און פאַרניכטונג.

פון אימפּעט און פאַרצווייפלונג וואַרפען זיך אונזערע בור־זשואַזע עלעמענטען צו העלפען די, וואָס זיינען וועניגער עק־סטרעם, וואָס ווילען פאַרניכטען די באָלשעוויקעס און אויף זייערע לבנים אויפבויען די דעמאָקראַטיש־בורזשואַזע אָרדנונג. ד. ה. זיי מוזען געהן מיט דעניקינען, קאָלטשאַק'ן, פּעטליורען און פּאַדערעווסקען. דעם רעזולטאַט פון אָט דעם וועג ווייסען מיר...

מיר האָבען אַלזאָ צוויי וועגען און ביידע פיהרען צו אונזער חורבן. אויף איינעם איז טויט — אַ שוידערליכער, שענדליכער טויט און טיפע אונאויסדריקליכע מאָראַלישע באַליידיגונג, וואָס איז ערגער, ווי דער טויט. אויפ'ן צווייטען — אַ לאַנגזאַמע גסיסה, אויך ניט קיין בכבוד'יגע...

---

אָבער... ניט שוין זשע איז טאַקע מעהר ניט געבליבען פאַר אונז, ווי אָט די צוויי וועגען. ריכטיגער: איין וועג — דער וועג צו פאַרניכטונג? ניט שוין זשע איז פאַר אַלע פעלקער מעגליך אַ גאולה און פאַר אונז ניט?

*) בשעת דער אַרטיקעל איז געוועזען געשריבען איז נאָך אין דייטשלאַנד …פאָרגעקומען דער אויסברוך פון דער קאָנטער־רעוואָלוציע, וואָס האָט זיך …פאַרוואַנדעלט אין אַ באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע.

דאס וואלט געווען א גרויסער ליגן, ווען אימעצער וואלט עס געזאגט, א פאלק, וואס האט איבערגעלעבט אזא קאטאסטראפע, ווי מיר האבען איבערגעלעבט און איז ניט אונטערגעגאנגען — קאן ניט אונטערגעהן. א פאלק, וואס קאן שאפען גליק פאר אנדערע פעלקער, מוז באזיצען די קרעפטען אויך אויסצושמידען זיין אייגענעם שיקזאל.

אונזער אונגליק איז אונזער פוילע עקאנאמיק. אבער די עקאנאמישע גרונדלאגע פון א פאלק איז ניט צונויפגעוואקסען ארגאניש ניט מיט זיין קערפער ניט מיט זיין נשמה. נאך קיין מאל איז א פאלק ניט אונטערגעגאנגען, ווען עס איז געווען קערפערליך און גייסטיג געזונד. און מיר זיינען אין איצטיגען מאמענט קערפערליך, גייסטיג און מאראליש, לויט די אומשטענדען, פאלקאם געזונט.

אונזערע פרנסות זיינען ניט קיין הארב, וואס איז א קרענקליכער אויפוואוקס אויפ'ן קערפער און קאן ניט אפערירט ווערען. נאך ווייניגער זיינען זיי צונויפגעוואקסען מיט אונזער נשמה. אין דער גאנצער אידישער גייסטיגער קולטור פון דעם „תנך" ביז איצטיגע טעג איז ניטא קיין שפור פון קרעמעריי. דער קליינהאנדעל און ווינט-פרנסות זיינען אן אויפגעצוואונגענער אנגעטשעפעטער הארב אויף אונז צוליב טויזענט-יעהריגער רעכטלאזיגקייט.

אט דעם הארב, אנגעטשעפעט פון אויסערליכע אומשטענדען, האבען מיר ניט געקאנט אראפווארפען טאקע צוליב אונזער רעכטלאזיגקייט. די רוסישע רעוואלוציע האט געבראכט פולע פרייהייט פאר אלע פעלקער, וואס האבען געשמאכט אונטער דעם צארישען יאך, און, צווישען אנדערע פעלקער, האט זי אונז אויך, אלס פאלק און אלס מענשען, דערלייזונג געבראכט. עס בלייבט איצט פאר אונז בלויז איין זאך: צו מאכען אונזער אייגענע עקאנאמישע רעוואלוציע.

עס איז ניט קיין נייעס אין דער געשיכטע, אז גאנצע שטאנדען זיינען, צוליב פאליטישע און אנדערע אורזאכען, געצוואונגען צו ענדערען דעם עקאנאמישען בוי פון זייער לעבען. דאס האט פאסירט מיט די פריצים אין רוסלאנד נאך דער באפרייאונג פון די פויערן; מיט די פלאנטאטארען פון סאוט אמעריקא נאך דער באפרייאונג פון די נעגערס. דאס איז ענדליך, איצט, אין א סך א גרעסערען מאסשטאב, געשעהן נאך דער באלשעוויסטישער סאציאלער רעוואלוציע מיט גאנצע פינף שטאנדען אין דערזעלבער רוסלאנד: דער גאנצער הערשענדער קלאס, דער מיליטערישער פריווילעגירטער שטאנד, די פריצים, דער גאנצער קאפיטאליסטישער קלאס און דער צאלרייכער קלאס פון די צארישע טשינאווניקעס — צוזאמען מאכען זיי אויס צעהנדליגע מיליאנען מענשען, א סך, א סך מעהר ווי די צאהל פון אונזערע קליינהענדלער און ווינט-מענשען. דאס זיינען אלץ געווען עקאנאמישע רעוואלוציעס, וואס האבען אנגערירט אונגעהייערע מאסען מענשען: די שטאנדען און קלאסען וואס האבען געליטען און לײדען פון די דאזיגע רעוואלוציעס האבען זיך געמוזט און וועלען זיך מוזען צופאסען צו די עקאנאמישע אומשטענדען. אזעלכע רעוואלוציעס ווערען מאכט אין דעם נאמען פון דעם גאנצען פאלקס וואוילזיין. געשיכטע לערנט אונז, אז מיט דער באפרייאונג פון די נע אין אמעריקא הויבט ערשט אן צו וואקסען די אינדוסטר און פאליטישע מאכט פון די פאראייניגטע שטאאטען; דער באפרייאונג פון די פויערן אין רוסלאנד, איז ערשט מע געווארען די אויפבליהונג אין רוסלאנד פון אינדוסטריע, ליטעראטור, פון קונסט, פון א רייכער, געזונטער קולטור. איצטיגע גרויסע עקאנאמישע רעוואלוציע אין רוסלאנד בריינגען א פאלק פון כמעט צוויי הונדערט מיליאן מענשען, וועלכע איין טייל זיינען געווען שקלאפען, דער אנדער פאראזיטען, צו דער נויטווענדיגקייט פון שאפען אויף די צ ציפען פון אבסאלוטער פרייהייט. די רייכסטע פאנטאזיע גאר ניט אין שטאנד אויסצומאלען זיך, וויפיעל די מענש וועט געווינען פון אזא ריזיגע צאל באפרייטע און באנ שאפענדע כחות. דאס וועט זיין א „טל של תחית" פאר פעלקער פון דער ערד.

און צווישען אט די צוויי הונדערט מיליאן באפר מענטשען געפינט זיך אויך אונזער פאלק. די געצוואונ עקאנאמישע רעוואלוציע, וואס מיר וועלען מוזען דורכמ צוזאמען מיט מיליאנען אנדערע מענשען און רוסלאנד, אויך זיין פאר אונז א „טל של תחיה", א פרישער טוי, וועט ארייינבריינגען אין אונז א נייעם לעבען. צום גליק ה מיר פון דער באלשעוויסטישער רעוואלוציע אין רוסלאנד ווייניגער פארלארען, ווי אנדערע שטאנדען און קלאסען. האבען קיינעם ניט פארשקלאפט, האבען ניט פארלארען פאלאצען, קיין הייכטימער, קיין פענסיעס, קיין מאיאנט קיין פריווילעגירטע רעכט. אונז וועט זיין א סך לייכ ווי אנדערע צופאסען זיך צו די נייע אומשטענדען. מיר לירען א הארב, וואס מ'האט אונז מיט געוואלד צוגעטשעפ דערפאר געווינען מיר א וועלט: מענשליכע, בירגערליכע, פ טישע, נאציאנאלע און קולטורעלע פרייהייט! אזא פרייה וואס די ארימע אידישע מאסען האבען אין די גלענצענד עפאכען פון אונזער היסטאריע אין אונזער אמאליגען אי האנד קיין מאל ניט געהאט...

יע, דאס איז ניט קיין פראזע, נאר דער קלארער אמ

אבער אט די רעוואלוציע מוזען מיר אליין מאכען. מוזען אליין אראפנעמען דעם אנגעטשעפעטען הארב. קי וועט עס פאר אונז ניט טאן, מיר האבען געגעבען אזוי קרבנות פאר דעם גליק פון אנדערע לענדער. מיר האבען פיעל בלוט פארגאסען, אזוי פיעל קרעפטען פארלארען צו פרייען אנדערע פעלקער. וועלען מיר זיך אפשטעלען פאר נ גע קרבנות צו מאכען אונזער אייגענע רעוואלוציע?...

---

נחום י.:

# די קאץ

(פאבעל)

א קאץ האט אויפ'ן דאך
א טייבעלע געכאפט.
ניט טראכטענדיג קיין סך,
האט זי א שטילען ווינקעלע דערטאפט —
אז קיינער זאל ניט וויסען,
און-האט דארט מיט דער טויב צו זאט פארביסען...
און נאכ'ן עסען,
ווען זי האט שוין, כמעט, גאר אן דער טויב פארגעסען,
באמערקענדיג א ווייסע פעדערעל וואס איז
אין לופט ארומגעפלויגען,
האט אונזער קאץ, מיט צוגעמאכטע אויגען,
צו זיך אליין געבורטשעט זיס:
— „איצט ווייס איך שוין פאר וואס די וועלט
הערט גאר ניט אויף צו לויבען
די אומשולדיגע טויבען!
ווייזט אויס, אז אלעמען געפעלט
די טויב דערפאר, ווייל זי איז שוואך און שטיל.
דעריבער (אהן געפאהר פון איהרע שארפע ציינער)
קאן יעדער איינער
באגעהן מיט איהר זיך ווי ער וויל..."

# דער נייער גייסט

פון הלל ראָגאָף

ווי וועלען די קאָנסערוואַטיווע אַרבייטער, און ספּעציעל ...פיהרער זייערע, איצטער האַנדלען? די אַלטע פּאָליטיש ...רע אין באַצוג צו פּאָליטיק איז באַנקראָט. זיי אַליין גיבען ...צו. וואָס אַלזאָ וועלען זיי איצטער טאָן? -

דער ...ייללראַנדס ביל איז געווען די ענטשיידענדע שלאַכט. ...הירונגס וואָס די רעפּובּליקאַנישע און דעמאָקראַטישע רעגי... ...ס־פיהרער האָבען געהאַט אויף זייער האַנדלונג אין דעם ...אַר־סטרייק און אין דעם מיינערס סטרייק, זיינען דאָ ניט ...גע־ייען. נעגען דעם ריילראָוד ביל האָבען געקעמפּט ...קאָנסערוואַטיווע ריילראָוד יוניאָנס, און געשטיצט געוואָרען ...ען זיי פון די קאָנסערוואַטיווע עלעמענטען אין דער אַמע... ...אַן פעדערישאַן אָוו לייבאָר. און די פאָדערונגען זייערע ...ען געווען מילדע, זיי זיינען גרייט געווען אַלע זייערע מעהר ...יקאַלע פאַרלאַנגען אויפצוגעבען און האָבען זיך ביי דעם ...ירענט געבעטען ער זאָל זיי אַ שטיקעל גאַראַנטי געבען ...ן זיי וועלען אַ העכערונג אין וויידזשעס קריגען, און דאָס ...ער זיי אויך ענטזאָגט.

די קאַפּיטאַליסטישע אייגענטימער פון די ריילראָודס האָ... ...אין דער רעגירונג אַלעס געקריגען; די אַרבייטער אויף די ...ראָודס האָבען גאָרנישט געקריגען. און די פאַרפאַסער פון ...ביל און זיינע פאַרטיידיגער אין קאָנגרעס האָבען זיך ...נע־ט־ט צו ערקלערען, אַז זיי האָבען קיין מורא ניט צו... ...מען פאַר'ן ביל, ווייסענדיג אַז די אַרבייטער יוניאָנס זיי... ...שרעקליך אויפגעבראַכט. דער ריילראָוד ביל איז אין אַ ...סען זין געווען אַ קריגס־ערקלערונג פון די אַלטע פּאַר... ...ן געגען אָרגאַניזירטע אַרבייט. די פראַגע אַלזאָ איז, וואָס ...ן זיין דער ענטפער פון די אָרגאַניזירטע אַרבייטער אויף ...ער קריגס־ערקלערונג?

די פראַגע וועט ענטשיידען ווערען אין די נעכסטע עט... ...כ מאָנאַטען. די קאָנסערוואַטיווע פיהרער, וועלכע זיינען ...איצט געווען פעסט פאַראייניגט אין זייער פּאָליסי אַז די ...בייטער טאָרען זיך אין פּאָליטיק ניט מישען, אַז זיי טאָרען ...צ־פּמישען פּאָליטיק מיט זייערע אַרבייטער אינטערעסען, ...עלכע פיהרער זיינען איצטער צווישען זיך שטאַרק צוריסען. ...ער איצטער פּאָליסי האַלטען זיך כמעט קיינער פון זיי ניט. ...די סמיועל גאָמפּערס גיט צו, אַז עפּעס מוז געטאָן ווערען. ...גיט צו, אַז די פּאַסירונגען פון לעצטען יאָהר האָבען באַ... ...ן, דאָס די אַלטע צוויי פּאַרטייען זיינען פיינדליך צו ...ייט, און אַז די אַרבייטער מוזען נעמען שריטע. ער קאָן ...אָבער נאָך אַלץ ניט באַפרייען פון זיין אַלטען געדאַנק, ...אַרבייטער־אינטערעסען זיינען פאַר די אַרבייטער בלויז אַ ...נער טייל פון זייערע אַלגעמיינע בירגער־אינטערעסען. ער ...זיך אַליין ניט באַפרייען פון דעם געדאַנק, אַז דער אַרבייטער ...זיינע אַרבייטער־אינטערעסען באַגרענעצען אויף דעם שאַפּ ...אויף דער פעקטאָרי, און אַז ער טאָר זיי ניט אַרויסטראָגען ...ער ווי דעם שאַפּ און דער פעקטאָרי. ער זוכט דעריבער ...ייסיוג ווי אַזוי צו האַרמאָניזירען אַט די אַלטע פּרינציפּען ...פיט די נייע אומשטענדען. און עס געהט ניט.

די מעהר פּראָגרעסיווע פיהרער זיינען אויך ניט איניג. ...גרופּע איז ענטשלאָסען צו אָרגאַניזירען אַן אייגענע אַרביי... ...פּאַרטיי. אַ צווייטע זוכט אַן אויסוועג אויף דעם אינדוס... ...ילען פעלד. זיי ווילען זייערע כחות אָפּגעבען אויף אָרגאַ... ...ען קאָאָפּעראַטיווען, אויף פאַרבינדען זיך מיט די פּאַרמערס. ...טיגע ראַדיקאַלע פיהרער אַגיטירען דערפאַר אַז די יוניאָנס ...זיך אָנשליסען פּערסאָנליך אָן דער סאָציאַליסטישער פּאַר...

וואָס עס וועט זיך אויסקאָכען פון דיזען אויפשטאַנד אין די רוהיגע, קאָנסערוואַטיווע אַרבייטער מאַסען איז אונמעגליך פאָראויסצוזאָגען. ווען די יוניאָן פיהרער וואָלטען ביי אַלע פריהעריגע קעמפּפע געווען פריי פון פּאָליטישע בענדער, ווען זיי וואָלטען זיך ווירקליך געהאַלטען אונאָפּהענגיג פון פּאָליטישע פּאַרטייען, ווי זיי האָבען צו זייערע אַרבייטער געפּרעדיגט, וואָלט מען געקאָנט האָפען, אַז איצטער וועלען זיי האַנדלען פריי, אָהן פאָראורטיילע, נאָך זייערע איבערצייגונגען און נאָך זייער געוויסען. דאָס איז אָבער ניט דער פאַל. פיעלע פון די איינפלוסרייכע פיהרער זיינען פּאָליטישענס, איינפלוסרייכע מעמבערס אין די אָרגאַניזאַציעס פון דער דעמאָקראַטישער און רעפּובּליקאַנישער פּאַרטיי. ביז איצטער האָבען זיי אין יענע אָרגאַניזאַציעס געהאַט „פּול״; באַקומען טובות פאַר זיך און פאַר זייערע פריינד. וועלען זיי איצטער זיך קאָנען אָפּטרייסלען פון יענע פּאָליטישע פּרינציפּען, פון יענע אָרגאַניזאַציאָנען? וועלען זיי איצטער האָבען דעם מוט צו ערקלערען קריעג יענע פריינד, פון וועמען זיי האָבען אימער טובות געהאַט?

אין דער זעלבער צווייפעל איז ביי אונז בנוגע די אַרבייטער מאַסען גופא. די אַלע יאָהרען האָבען די פיהרער זייערע געהאַלטען זיי אין דער פינסטער אין באַצוג צו פּאָליטישע אַנגעלעגענהייטען. יאָהרען לאַנג האָט מען זיי געלערנט אַז פּאָליטיק איז אַ מין הימלישע זאַך, אַז מיט'ן שאַפּ און היים־לעבען האָט עס קיין שייכות ניט; ווי אַזוי, אַלזאָ, וועט מען קאָנען פּלוצלונג זיי געבען אַ נייע תורה מיט דעם הייליגען געבאָט, אַז דער עיקר פון פּאָליטיק איז אַרבייט, אַז פאַר'ן אַרבייטער איז פּאָליטיק אַזוי וויכטיג ווי די יוניאָן, אַז ער קאָן זיינע יוניאָן אינטערעסען ניט פאַרטיידיגען און ניט אויסקעמפּפען סיידען ער איז געשטיצט דורך פּאָליטיק?

אַ גאַנצע רעוואָלוציאָן מוז פאָרקומען אין די מוחות, אין די הערצער פון די אַלטע אַרבייטער פיהרער און פון די גרויסע קאָנסערוואַטיווע אַרבייטער־מאַסען, איידער זיי וועלען אָנפאַנגען געהן אויפ'ן נייעם פּראָגרעסיווען וועג. וועט דיזע רעוואָלוציע ווירקליך געשעהן — אין די נעכסטע עטליכע מאָנאַטען?

די פּאָליטישענס פון די אַלטע פּאַרטייען פיהלען, אַז אַזאַ גרויסע ענדערונג קאָן אַזוי שנעל ניט פאָרקומען, און דעריבער נעמען זיי זיך ווייניג צום האַרצען דעם רעוואָלט אין די אַרבייטער רייהען, און זיי גלויבען, אַז אויב זיי וועט געלינגען אין די נעכסטע וואַהלען די נייע טענדענצען צו באַזיעגען, וועט דער ראַדיקאַלער פיבער שנעל פאַראיבערגעהן און אַלעס וועט בלייבען ביים אַלטען. דער אַמעריקאַנער פּאָליטישען קוקט אויף פּאָליטיק פון אַ ריין ביזנעס שטאַנדפּונקט. און אין ביזנעס איז דאָ אַ גרויסער כלל אַז „נאָטהינג סוקסידס לאַיק סוקסעס“, די וואָס האָבען איין מאָל ערפאָלג, האָבען אַ צווייטען מאָל ערפאָלג; די וואָס פאַלען דורך איין מאָל, פאַלען ווייטער דורך. די פּאָליטישענס זיינען איבערצייגט, אַז אויב די נייע מעטאָדען פון די קאָנסערוואַטיווע אַרבייטער וועלען ביי די קומענדע וואַהלען דורכפאַלען, וועלען די קאָנסערוואַטיווע אַרבייטער צוריקגעהן צו די אַלטע מעטאָדען, און וועלען אַ צווייטען פאַרזוך פון רעוואָלט געגען די אַלטע פּאַרטייען ניט מאַכען.

עס ווענדעט זיך נאַטירליך ווי טיעף דער רעוואָלט, ווי טיעף דער נייער ראַדיקאַלער גייסט האָט אין די אַרבייטער רייהען אַריינגעדרונגען. אויב עס איז אויבערפלעכליך, וועט ווירקליך געשעהן דאָס, וואָס די אַלטע פּאַרטיי פּאָליטישענס ערוואַרטען. אויב אָבער די אויפרעגונג איז אַ טיעפע, אויב

# די נייע אידישע שול אין רוסלאַנד

פון משה כ״ץ

ערשטער אַרטיקעל

אויף די חורבות פון דעם אַלטען אידישען לעבען אין רוסלאַנד, אונטער׳ן רעש פון דער מלחמה, אונטער די זיפצען פון די פאַרטריבענע פון זייערע היימען, אונטער דעם קרעכצען פון די באַרויבטע און פאַגראָמירטע אידישע מאַסען איז פאַר די לעצטע עטליכע יאָר, כמעט אומבאַמערקט אויסגעוואַקסען אַ נייער פאַקטאָר אין אידישען לעבען: די נייע אידישע שול.

די נייע אידישע שול האָט אינגאַנצען צוריסען מיט׳ן אַלטען אידישען חדר, מיט דער פאַרשטיקטער מיטעלאַלטערליכער לופט פון דער תלמוד־תורה און מיט די פאַרהאַסטע רוסיפיקאַטאָרישע „קאַזיאָנע אוטשילישטשעס״. זי איז אַנדערש סאַי לויט איהר שפּראַך, סאַי לויט איהר אינהאַלט, סאַי לויט איהרע מעטאָדען און פיהרער. איהר שפּראַך איז אידיש, איהר אינהאַלט איז אַ וועלטליכער, דורכגעדרונגען מיט דעם גייסט פון דער מאָדערנער אַרבייטער־דעמאָקראַטיע. איהרע פיהרות זיינען די אידישע פאָלקס־אינטעליגענץ, וואָס האָט אַזוי לאַנג מורא געהאַט אַרויפצולייגען איהר האַנט אויף׳ן שול־געביט און איהרע מעטאָדען זיינען די, וואָס זיינען אַרויסגעבראַכט געוואָרען פון די גייסטע פעדאַגאָגישע סיסטעמען. ס׳פאַרשטעהט זיך, אַז געבויט איז די נייע שול געוואָרען בלויז אַ דאַנק דער פאָדערונג און הילף פון די אידישע אַרבייטער מאַסען, קעגען דער ביטערסטער אָפּאָזיציע פון דעם שוואַרץ־בלויען, ציוניסטיש־קלעריקאַלען בלאָק. ווי דאָס איז פאָרגעקומען, אונטער וועלכע אומשטענדען און מיט וועלכע מיטלען איז די נייע אידישע שול געבויט געוואָרען ? דאָס איז אַ טעמע, וועגען וועלכער עס וועלען נאָך געשריבען ווערען מיט דער צייט גאַנצע ביכער. איך וועל אָבער פּרובירען קורץ אָנצייכענען אין אַ פּאָר אַרטיקלען.

---

וואָס די אַלטע אידישע שול אין רוסלאַנד איז געווען, איז גענוג באַקאַנט יעדערען, וואָס איז געווען אין רוסלאַנד. דאָס איז געווען אָדער אַן אַלט־פרוינקישער חדר, וואָס האָט געהאַלטען אָפּגעריסען דאָס קינד פון דעם מאָדערנעם לעבען, אָבער אַ „קאַזיאָנע אוטשילישטשע״, וואָס האָט זיך געסטאַרעט אויסצוּוואָרצלען ביים קינד יעדע שפּור פון, און ועדען אינטערעס פאַר, דער אידישער קולטור. דער איינגעמיינער סמן, וואָס האָט די ביידע טיפּען שולען פאַראייניגט, איז געווען דאָס, וואָס זיי זיינען, ווי דאָס גאַנצע אידישע פאָלק, באַטראַכט געוואָרען אַלס שטיפקינדער, סאַי פון דער רעגירונג, סאַי פון די אידישע מאַסען. זיי זיינען אויסגעהאַלטען געוואָרען בלויז אויפ׳ן חשבון פון די אידען, פון די אָרימסטע אידישע מאַסען; און אויף וויפיעל די העכערע אידישע אינטעליגענץ האָט אַרויסגעוויזען אַן אינטערעס צו זיי איז דאָס נאָר געווען ווי צו פרעמדע זאַכען: איהרע אייגענע קינדער פלעגט זיך די אינטעליגענץ סטאַרען צו שיקען אין פּריוואַטע אָדער קאַזיאָנע פּריווילעגירטע ר — ס י ש ע שולען, אין גימנאַזיעם, רעאַל־שולען א. א. וו. ס׳איז דאָך אַזוי טרויעריג־כאַראַקטעריסטיש, וואָס ביז דער וועלט־מלחמה האָט אין גאַנץ רוסלאַנד, אינאיינעם מיט פּוילען, עק־

זיסטירט בלויז אַ ו י ן  א י י נ צ י ג ע, אי דאָס אַ הא[…] לעגאַלע מאָדערנע אידישע פאָלקסשול אין דעמיעווקע (קי[…] וואָס איז אויסגעהאַלטען געוואָרען פון אַרבייטער און אַ[…] פיהרט געוואָרען אין גייסט פון דער מאָדערנער אידישער […] טורטור פון אַרבייטער־אינטעליגענטען.

אמת נאָך לאַנג פאַר דער וועלט־מלחמה האָט זיך אַ ד[…] דער אידישער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ אָנגעהויבען […] רוסלאַנד אַ בעוועגונג פאַר אַ נייער מאָדערנער אידישער […] מיט דער אונטערריכט־שפּראַך אין אידיש. אָבער די באַוו[…] איז געווען אַ ריין־טעאָרעטישע. ווייטער פון דיסקוסיעס […] די צוזאַמענפאָרען פון דער פּעטערבורגער „חברה מפיצי השכ[לה]״ און זעלטענער אין די אָרטיגע צדקה־געזעלשאַפטען האָט די פראַגע נית געריהרט פון אָרט. די אידישע סאָציאַליסטי[שע] אינטעליגענץ פלעגט זיך ביי אַלע איהרע פּראָבען און פּ[…] רונגען אָנשטוסען אויף דעם טעמפּען ווידערשטאַנד פון […] שווערען בלאָק, וואָס דער ציוניסט אוסישקין האָט אַזוי נא[…] און אָפענהערציג פאָרמולירט: „רוסית או עברית״, דאָס הי[יסט] אָדער רוסיש, אָדער העבריאיש, אָבער בשום אופן נית אידיש. די ציוניסטען האָבען גע׳טענה׳ט, אַז כדי די איד[ישע] שול זאָל קענען אויסהאַלטען די „עכטע אידישע״ טראַדיציע[ס] צוגרייטען אַ דור, וואָס זאָל זיין מסוגל צונויפצוריי[…]ען אין פּאַלעסטינאַ מיט אַ הייפעל יעמעניטער (תימנ׳ער) [און] מאַראָקאַנער אידען מוז דאָס אידישע קינד באַקומען זיין ציהונג דוקא אין העברעאיש; חוץ דיפּלאָמירטע אינטעלי[גענץ] ווידער האָט געהאַלטען, אַז כדי אידען זאָלען אַמאָל ווערט צו באַקומען „פּראַוועס״ אין רוסלאַנד מוזען זייערע קי[נדער] באַקומען זייער ערציהונג דוקא אין רוסיש. דער צד […] פון דעם איז געווען, וואָס בעת די ציוניסטען און אַסימיל[יאַטאָ]רען האָבען געשיקט זייערע אייגענע קינדער אין רוסישע גאַזיעס האָבען זיי איבער די קינדער פון די פאָלקס־מאַסען מאַכט אומגעלומפּערטע העברעאיש־רוסישע עקספּערימענ[טן].

אָבער, ווי זאָגט דער רוס: „ניע ביוואַט בי שטשאַ[סטיא], דאַ ניעסטשאַסטיע פּאָמאָגלאָ״ — צום גליק האָט אַן אומ[גליק] געטראָפען. ס׳האָט זיך אָנגעהויבען די מלחמה. עס ז[יינען] געבליבען טויזענטער יתומים און אָרימע קינדער, מיט וו[עלכע] די אַלטע קהל׳שע פאַרזאָרגער האָבען זיך נית געקאָנט [אָנ]נעהמען, ווייל זיי זיינען געווען צופיעל פאַרנומען מיט פּאַטריאָטישער ביזנעס פון ספּעקולירען אויפ׳ן חשבון פון מלחמה און אָנפּאַקען זייערע קעשענעס מיט גאָלד און פּא[…] לאַך. די איינציגע פאַרזאָרגערין פון די אידישע קינדער געבליבען די סאָציאַליסטישע פאָלקס־אינטעליגענץ, וועלכע זיך צוליעב דער אונמעגליכקייט פון אַן אָפענער פּאַרטי[י] אַרבייט געמוזט זיך פאַרנעהמען מיט דער ערציהונגס אַרב[ייט] און דאָ זיינען נאָך צוגעקומען די גרויסע גירושים פון די […] רען 1914־1916. הונדערטער טויזענטער, פיליכט איבע[ר] פאַר מיליאָן אידען זיינען אַרויסגעטריבען געוואָרען פון ה[…] היימען פון פּוילען און ליטאַ, פון קאָוונער און קורלענדער [גו]בערניע פון דעם גאַנצען גרענעץ פון דעם מלחמה־ראַיאָן. זיינען פאַרטריבען געוואָרען אין צענטראַל־רוסלאַנד און אין

---

די ענטוישונג פון די אַרבייטער איז אַ שטאַרקע, דאַן וועלען די פּאָליטישענס ערפאַהרען, אַז זיי האָבען זיך גענאַרט. וואָרים קוים האָבען זיך די אַרבייטער איבערצייגט אַז זיי האָבען פון די אַלטע פּאַרטייען מעהר נית וואָס צו ערוואַרטען, וועט קיין קראַפט זיי מעהר צוריק אין די די׳העו פון יענע פּאַרטייען נית צוריקברייננען. און דאַן איז אייגענטליך נית וויכטיג מעהר צי זיי וועלען האָבען ערפאָלג אין דעם קומענדען עלעקשאַן, צי נית. דער פאַקט אַז זיי האָבען זיך פון די אַלטע פּאַרטייען איינמאָל פאַר אַלע מאָל באַפרייט איז שוין פאַר זיי

דער גרעסטער ערפאָלג, דער גרעסטער זיעג.

די אַרבייטער מאַסען אין אַמעריקא שטעהען איצ[ט] אויפ׳ן שייד־וועג, און די אויגען פון זייערע קלאַסענבאַוואוּ[סטע] ברידער אין דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט קוקען אויף [זיי] מיט דער ברענענדער האָפנונג, אַז ענדליך וועלען זיי אויך [אָנ]פאַנגען צו מאַרשירען אין דער ריכטונג פון פּראָגרעס, אין ריכטונג פון דער נייער ציוויליזאַציאָן וואָס ווערט איצט די אַרבייטער מאַכען אין פיעלע לענדער געבויט.

אוּן אין אוקראַינע. צו דער גרויסער צאָהל רוסישע און ...ישע פאַרטריבענע אידען זיינען צוגעקומען צעהנדליגע טוי־ ...טער גאַליציאַנער אידישע פאַמיליעס, וועלכע זיינען אויך ...־יקט געוואָרען קיין רוסלאַנד. אַ שרעקליכע קאַטאַסטראָ־ ...האָט זיך אַנגערוקט אויפ׳ן אידישען פאָלק. ביי די אַלטע ...טעג־טירטע קהל׳שע פאַרזאָרגער האָבען זיך די הענט אַראָפּ־ ...אָזען. זיי האָבען געוואוסט נאָר וועגען איין וועג פון הילף, ...גען שתדלנות אין די „הויכע פענסטער“, אָבער די צייט ...ן געווען אַ שרעקליכע און שתדלנות האָט אויפגעהערט העל־ ...ן. הונדערטער טויזענטער אידישע קינדער האָבען זיך גע־ ...וגע־ט אין די גאַסען אָהן הילף און אָהן פאַרזאָרגונג, אָהן ...ראַך איבער׳ן קאָפּ און אָהן אַ שול, וואו זיי זאָלען זיך קאָנען ...נען און וואו די אויסגעמאַטערטע עלטערן זאָלען זיי קאָנען ...בערלאָזען אויפ׳ן טאָג. אמת, מען האָט פאַר זיי גענומען ...יבען געלט אין רוסלאַנד, און אַ סך געלט. פון אַמעריקע ...ן אויך עפּעס אָנגעקומען. אָבער דער אומגליק איז געווען צו ...ים, אַז מען זאָל דאָ קאָנען העלפען מיט געלט. מען האָט ...אַרפט זיך מקריב זיין, מען האָט געדאַרפט די נשמה אוועק־ ...בען פאַר דער הילף, עס האָבען זיך געפאָדערט גוואַלדיגע אָ־ ...יזאַטאָרישע, קאָנסטרוקטיווע כחות, וועלכע די אידישע בור־ ...אַזיע האָט ניט געהאַט.

און דאָ איז געקומען דער מאָמענט פאַר דער אידישער ...טעליגענטער יוגענד, פאַר דער אידישער סאָציאַליסטישער ...טעליגענץ. מיט איהר גאַנצען ענטוזיאַזם און אָפּפערוויליג־ ...ט האָט זי זיך אַריינגעוואָרפען אין דער הילף־אַרבייט. איהר ...צע פעהיגקייט און אָרגאַניזאַטאָרישע ערפאַהרונג, וועלכע ...האָט אַרויסגעטראָגען פון דער לעגאַלער און אומלעגאַלער ...ביטער־באַוועגונג האָט זי אַריינגעטראָגען אין דער אַרבייט. ...דורך אַ נס האָט זיך גאַנץ רוסלאַנד, יעדע מינדעסטע אי־ ...ישע קהלה פון אַלט־געזעסענע און אָנגעטריבענע באַדעקט מיט ...עץ פון הילף אָרגאַניזאַציעס: אָפּ׳ע (די חברה מפיצי השכלה), ...אָפּאָ (דער אידישער צענטראַלער הילף קאָמיטעט), קאָפּע ...אַרטיגע הילף־קאָמיטעטען), אָז״ע (די געזעלשאַפט אָפּצוהי־ ...ן דעם געזונט פון דער אידישער באַפעלקערונג), אָר״ט (די ...עלשאַפט צו פאַרשפּרייטען מלאכות און ערד־אַרבייט צווי־ ...ן אידען), און צעהנדליגע אַנדערע. אויף אַ גאַנץ נאַטיר־ ...ען אופן איז די הויפּט־אויפמערקזאַמקייט פון אַט די אַלע ...עלשאַפטען אָפּגעגעבען געוואָרען אויף צו פאַרזאָרגען אין ...ערשטער ריי די קינדער. באַזונדערס האָבען זיך אויס־ ...געצייכנט אין דעם פּרט אָז״ע (די געזעלשאַפט אָפּצוהיטען ...ם געזונט) און אָר״ט (די געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטען מלאכות ...ערד־אַרבייט). די דאָזיגע ביידע געזעלשאַפטען, וואָס האָבען ...יין כמעט ניט געהאַט קיין מאַטעריעלע מיטלען און האָבען ...באַנוצט מיט די געלטער פון דעם צענטראַלען הילף־קאָמי־ ...ט און פון די אָרטיגע הילף־אָרגאַניזאַציעס זיינען איינגאַנצען ...איינגעפאַלען אין די הענט פון דער סאָציאַליסטישער אידישער ...טעליגענץ און האָבען זיך אָפּגעגעבען כמעט אויסשליסליך ...באַזאָרגען די קינדער. אָז״ע האָט אָנגעהויבען דערפון, ...ס זי האָט געמאַכט שפּיעל־פּלעצער און קיכען פאַר קינדער ...אָרגאַניזירט קינדער־היימען, וואו יתומים און קינדער פון ...אָרימסטע עלטערן האָבען געקאָנט פאַרברייגען דעם טאָג ...וואו נויטיג אויך די נאַכט. דאָרט האָט מען די קינדער ...געשפּייזט, אָנגעטאָן זיי, געוואַשען און אויפגעפּאַסט אויף זיי, ...זיי זאָלען ניט ווערען קיין גאַסען־קינדער. אָר״ט ווידער האָט ...אָרגט וועגען די מעהר דערוואַקסענע קינדער, וועלכע מען ...ן געזין לערנען אַן אַרבייט און האָט פאַר זיי אָרגאַניזירט ...בען און קורסען. אויף אַ נאַטירליכען אופן האָבען די דאָזיגע ...עלשאַפטען פון אָנהויב־אָן גענומען זאָרגען אויך וועגען ...דער שול־ערציהונג פון די קינדער, ווייל ווען מען האַלט ...קינדער אַ גאַנצען טאָג אונטער׳ן אויג קאָן מען זיך דאָך ...באַנוגענען בלויז מיט אָנטאָן זיי און שפּייזען, און אַגב ...בען עס מאַקע געפאָדערט סאַי די קינדער, סאַי זייערע על־ ...טערן.

...וואָלט עס פאַרגעקומען ביי „נאָרמאַלע“ באַדינגונגען וואָלט, ...פאַרשטעהט זיך, תיכף אַרויסגעשוואומען אונזער אייביגע פאַר־ ...ומענע „שפּראַך־פראַגע“: אויף וועלכער שפּראַך זאָל מען ...ציהען און לערנען די קינדער, אויף העברייאיש, רוסיש אָדער ...איש. אָבער ביי די „אומנאָרמאַלע“ באַדינגונגען, ביי וועלכע ...אַרבייט איז פאָרגעקומען איז די פראַגע אַליין פון זיך גע־ ...ט געוואָרען. קיין העברעאיִסטע „טוער“ זיינען כמעט ניט

געווען, וועגען רוסיש צוליעב „פּראַוועס“ האָט מען ניט געקאָנט אפילו טראַכטען אין דער צייט פון די גרויסע רדיפות, און אַגב האָט דאָך די רוסישע שפּראַך ניט געקאָנט גילטען אַלס ערציהונג־שפּראַך פאַר די פּוילישע און גאַליצישע אידישע קינדער, און די סאָציאַליסטישע אידישע אינטעליגענץ איז געוועהנט געוואָרען צו ריידען צו די אידישע מאַסען נאָר אויף איין שפּראַך, אויף אידיש. איז דעריבער די שפּראַך פון די נייע ערציהונג־אַנשטאַלטען זיי פון זיך אַליין געוואָרען אידיש, אָהן שום ערנסטע דיסקוסיעס און קאַמף. דערצו איז נאָך צוגעקומען נאָך אַן אומשטאַנד: די ערציהונג־סיסטעם איז אַוועקגע־שטעלט געוואָרען ניט דורך אַ פאָראויס־אויסגעאַרבייטען פּלאַן, נאָר לויט די נויטען פון טאָג. איידער מען האָט געגרינדעט שולעס האָט מען אָרגאַניזירט די שפּיעל־פּלעצער און קינדער־היימען. דאָרט האָט, פאַרשטעהט זיך, גאָר קיינעם ניט גע־קאָנט איינפאַלען, אַז מען זאָל מיט די אידישע קינדער שפּי־לען, ריידען און פאַרברייגגען אויף אַן אַנדער שפּראַך, ווי אויף אידיש. און ווען פון די שפּיל־פּלעצער און קינדער־היימען האָ־בען געגומען אַרויסוואַקסען שולען איז שוין געווען נאַטירליך אַז די שפּראַך אין זיי זאָל פאַרבלייבען די זעלביגע ווי פריהער, דאָס הייסט — אידיש. דאָס איז געווען אַזוי נאַטירליך, זעלבסט־פאַרשטענדליך און אומפאַרמיידליך, אַז אַפילו די צאַרישע רע־גירונג האָט קעגען דעם גאָרנישט געקאָנט אייטוועגדען.

און אויף אַזאַ אופן האָבען אין הונדערטער אידישע קהלות צום ערשטען מאָל אין אונזער גייסטער געשיכטע גענומען אויסוואַקסען שפּיל־פּלעצער, קינדער־היימען, קינדערגערטנער, קינדער־שולען און קורסען פאַר דערוואַקסענע אין דער אידישער שפּראַך, און די שולען האָבען אָנגעהויבען וואַקסען, פּאָפּולער ווערען און געווינען די סימפּאַטיע און אַנערקענונג פון די אי־דישע מאַסען.

פון אָנהויב איז עס, פאַרשטעהט זיך, געגאַנגען ניט אַזוי גרינג. שטערונגען זיינען געווען אַ סך און צו די הויפּטשטערונ־גען האָבען געהערט סאַי דער קאָנסערוואַטיזם פון די אידישע מאַסען, וואָס זיינען קיינמאָל ניט געוועהנט געוואָרען צו פאַר־בינדען דעם באַגריף וועגען בילדונג און ערציהונג מיט דער אידישער שפּראַך, — סאַי דער פאַקט, וואָס די אידישע אינטע־ליגענץ איז געווען צו ווייניג צוגעגרייט, אַז זי זאָל קאָנען מיט אַמאָל אַרויסגעבען פון זיך די נויטיגע צאָהל ערציהער און לעה־רער אין דער אידישער שפּראַך. אָבער די ביטערע נויט און דער ענטוזיאַזם און אָפּפערוויליגקייט פון דער אידישער סאָ־ציאַליסטישער יוגענד האָט אַט די שטערונגען ביסלעכוויז מנצח געווען. אַ סך לעהרער פון די פריהערדיגע קאַזיאָנע שולען, אַ סך פריהערדיגע רוסישע פּרעבעליסטינס, אַ מאַסע גימנאַזיס־טען, גימנאַזיסטקעס און סטודענטען האָבען זיך דערמאָנט אָן זייער פאָלקס־שפּראַך, וואָס מען האָט זיי אַזוי לאַנג געלערנט צו פאַרגעסען, און לערנענדיג די אידישע קינדער האָבען זיי זיך דערביי אַליין געלערנט צו ווערען די לעהרער און אָנפיהרער פון דער נייער אידישער שול, פון דעם נייעם אידישען דור.

און מערקווירדיג איז געווען די באַציהונג פון די אָרימע אידישע מאַסען צו אַט די נייע שולען: פון אָנהויב האָבען זיי געקוקט אויף די שולען און קינדערהיימען מיט אַ חשד: אָבער וואָס מעהר זיי האָבען זיך איבערצייגט אין די נוצען וואָס די שולען ברייגגען זייער קינדער, ראַטעווענדיג זיי פון פיזישען און גייסטיגען אונטערגאַנג אַלץ מעהר האָבען זיך די עלטערן אַליין צוגעבונדען צו די שולען, וואָס זיינען געוואָרען זייער טרייסט און אָפּרוה־אָרט. עס זיינען געווען מאַסען פאַלען, ווען די אָרימע און הונגעריגע היימלאָזע האָבען זיך אַליין געטעקסט, כדי אַוועקצושטעלען די שולען פאַר זייערע קינדער אויף אַ גרעסערע הויך; עס זיינען געווען הונדערטער פאַלען, ווען פּשוט׳ע אידישע פרויען, אַלמנות און האַלבע אַלמנות (וואָס זייערע מענער זיינען געווען אויף דער מלחמה, אָדער אין גע־פאַנגענשאַפט) פלעגען זיך אָרגאַניזירען אין קאָמיטעטען און נאָך דער ריידעס נאָך אָפּגעבען אַ טאָג אָדער עטליכע שעה אין וואָך צו קומען און פאַרברייגגען מיט די קינדער אין די שפּיל־פּלע־צער אָדער קינדערהיימען, שפּילען זיך מיט זיי און דערציילען זיי מעשיות אָדער כאָטש אויפראַמען די שול־צימערן און וואַשען און אָנטאָן און באַנייהען די קינדער.

און אַט אַזוי איז עס פאָרגעקומען אַז צום אָנהייב פון דער רעוואָלוציע, ווען אַלע אַלטע באַגרענעצונגען איבער דעם אידישען לעבען און איבער דער אידישער ערציהונג זיינען געפאַ־לען און צעהנדליגער טויזענטער אַרויסגעטריבענע היימלאָזע באַקומען די מעגליכקייט אומצוקערען זיך אַהיים, האָבען זיי

# די גרויסע נאַציאָנאַלע קאָמעדיע

אַ פאַרבייגעהענדער בליק הינטער די קוליסען אין וואַשינגטאָן

פון ב. מיימאַן.

ווילט איהר אפשר זעהן אַ שעהנע קאָמעדיע? אויב יאַ, קומט מיט מיר אין דעם מאָדנעם און דאָך אונגעהייער אינטערעסאַנטען לאַנד פון פּאָליטיקס. קומט מיט מיר אויף אַ קורצען וויזיט קיין וואַשינגטאָן, אונזער „קרוין שטאָדט" און די הויפּט ביהנע פון אַמעריקאַנער פּאָליטיק. לאָמיר וואַרפען אַ קורצען בליק אויף דעם וואָס טהוט זיך דאָרטען אַפּ איצטער, ערב נאַציאָנאַלע וואַהלען.

אין מיטען שטאָדט אויף אַ בערגעל, אַרומגערינגעלט פון אַ שעהנער לאַנדשאַפט, שטעהט אַן איינגעהייער גרויסע און שעהנע געביידע, וועלכע רופט זיך „דהי קעפּיטאָל". אין יענער געביידע ווערט כסדר געשפּיעלט פּאָליטיקס. דאָס איז דער בית המקדש פון פּאָליטישען גאָט!... פּיעלע קרבנות ווערען דאָרטען טאָג טעגליך מקריב צו דיזען גאָט... דאָס איז דער הויפּט טעמפּעל, וואו די כהנים גדולים פיהרען אָן די עבודה. עס זיינען פאַראַן אַ סך קלענערע און וויינינגער אימפּאָזאַנטע געביידעס וואו דער זעלבער גאָט ווערט געדיענט מיט פייער, מיט התלהבות און אָפט מיט אַ סך קרבנות. אָבער ווער האָט צייט און געדולד זיך צו צוקוקען צו דיזע קלענערע, די זייטיגע בתי מדרשים'לעך, ווען מען קען זעהן דעם בית המקדש אליין?

יעדע פיער יאָהר זיינען דאָ נאַציאָנאַלע וואַהלען. דעמאָלט קלייבט דאָס פאָלק אויס דעם כהן גדול. עס איז ביי אונז אַ רעמאָקראַטי, פאַרשטעהט איהר מיך. דער כהן גדול ווערט ניט באַשטימט פון גאָט, נאָר פון דעם פאָלק אליין. בלויז איין קליינינגקייט איז פאַראַן וואָס שטערט אביסעל דיזע אונ־באַגרענעצטע דעמאָקראַטי: דאָס פאָלק קען נאָר אייסקלייבען דעם וועמען איינע פון די גרויסע פּאַרטייען נאָמינירט אַלס קאַנדידאַט. דאָס אַלעס.

אַזוי ווי אין אַ אידישער שטאָדט פאַר די ימים נוראים פאַרלאָזען זיך אידען בערדלאך און טרינקען גאַגעל־מאָגעלס און גרייטען זיך צו ווערען חונים, און עס הערט זיך איבער די גאַסען זייער גאַרגלען און פאַרבעדייטען דעם „גרויסען איינגעשטורי־טען כאָר פון משוררים". אַזוי אין וואַשינגטאָן, ווען עס קומט דער יאָהר פון די נאַציאָנאַלע וואַהלען ווערט אַ גערעטעניש אויף פּרעזידענט קאַנדידאַטען. אַ פּרעזידענט קען ווערען בלויז איינער, אָבער קאַנדידאַטען זיינען דאָ גאַנצע טוצענווייז. אַ סך פון דיזע האָפען גאָר קיין מאָל ניט צו ווערען אפילו קיין קאַנ־דידאַטען אויף די טיקעטס פון די גרויסע פּאַרטייען. אָבער זיי זיינען צופרידען כאָטש צו זיין קאַנדידאַטען פאַר דער נאָמינאַ־ציאָן. אין אַנדערע ווערטער הייסט דאָס, אַז זיי זיינען צופרי־דען צו זיין כאָטש קאַנדידאַטען אויף צו ווערען קאַנדידאַטען פאַר פּרעזידענט. זיי ווילען מען זאָל כאָטש פון זיי רייִדען, אַז דאָ־מאָלסט און דאָמאָלסט זייִנען זיי שיער, שיער ניט נאָמינירט געוואָרען פאַר פּרעזידענט אויף דעם רעפּובליקאַנישען אָדער דעמאָקראַטישען טיקעט. דאָס אליין האָט ביי זיי אַ סך די ווערטה און זיי זיינען גרייט דערפאַר צו בעצאָהלען.

יעדער פּרעזידענט קאַנדידאַט מוז האָבען אַ הויפּט קוואָר־טיר אין וואַשינגטאָן, עפענען זיך „העדקוואָרטערס" אויף אַלע וועגען און אַלע שטעגען. איבעראַל וואו איהר געהט און וואו איהר שטעהט זיינען דאָ „פּרעזידענשאַל העדקוואָרטערס" און אין דיזע „העדקוואָרטערס" אַרבייט מען ביי טאָג און ביי נאַכט, אויף טיש און אויף בענק.

פאַר שטעהט זיך, אַז יעדער פּרעזידענט קאַנדידאַט מ[…] האָבען אַ „מענעדזשער". די הויפּט־אויפגאַבע פון דיזען מ[…] נעדזשער איז צו שרייען, אַז זיין קאַנדידאַט האָט די שט[…] מען ביי זיך אין קעשענע, אַז דאָס פאָלק פאַר'ט ממש אויעק נ[…] זיין קאַנדידאַט, און אַז בלויז נאָך גרויסער מיה און פּ[…] געניש איז איהם געלונגען איינצורייִדען דיזען קאַנדידאַט וועלען לויפען פאַר פּרעזידענט.

אין יעדער קאַנדידאַט, אָדער, ריכטיגער געזאָגט, יעד[…] וואָס האָט חשק צו ווערען אַ פּרעזידענט קאַנדידאַט, מוז האָב[…] אַלץ די כאַמע נויטווענדיגסטע זאַך אַ „פּרעס אַגענט", דאָס א[…] איינע פון די בריות וואָס דער גאָט פון פּאָליטיקס האָט אַנג[…] שיקט אויף אונזער זינדיגער מדינה'לע. עס איז פשוט נ[…] אויסצוהאַלטען פון זיי. דיזע פּרעס אַגענטען געפינען ש[…] מיטלען און וועגען ווי אַריינצוקריכען אין די צייטונגען און דרעהען אַ ספּאָדיק וועגען זייערע קאַנדידאַטען. זיי פּויקען א[…] טרומייטערען, אַז מען קען טייב ווערען פון זיי. האָט מ[…] נאָך דעם אונגליק צו זיין אַ צייטונגס־מאַן קען מען גאָר משו[…] ווערען פון דיזע פּרעס אַגענטען, וועלכע ווילען מען זאָל געב[…] זייערע קאַנדידאַטען „פּובליסיטי".

[…]אַט דאָס איז בקיצור די „ס ט י י ד ז ש י נ ג" פון דיז[…] גרויסער קאָמעדיע וואָס רופט זיך ביי אונז דער נאַציאָנאַ[…] קאַמפּעין.

דער קאַמף צווישען די דעמאָקראַטען און די רעפּובליק[…] נער איז היינטיגעס יאָהר מעהר ווי אַלע מאָל אַ קאָמעדיע, ווי[…] זיי ווייסען אליין ניט אפילו פאַר קיין תירוץ פאַר וואָס קעמפּען איינער מיט דעם אַנדערען. זיי האָבען ניט קיין „[…] שו" מיט וועלכער צו געהן אין דעם נעקסטען קעמפּעין. א[…] ווי ווייט מיר געדענקען איז דאָס צום ערשטען מאָל אין ד[…] פּאָליטישער געשיכטע פון דיזען לאַנד, אַז אַ פּאָאַר חדשים פ[…] די נאַציאָנאַלע קאָנווענשאָנס זאָלען די פּאַרטייען נאָך נ[…] ווייסען וואָס די קאַמפּעין אישוס וועלען זיין. עס זיינען ש[…] געפיהרט געוואָרען גענוג קאַמפּעינס אויף אויפגעבלאָזענע א[…] איינגערעדטע אישוס, דאָס וואָרט קיין נייעס ניט געווען א[…] אַמעריקאַ. עס זיינען שוין געפיהרט געוואָרען קאַמפּע[…] אויף זילבער און גאָלד סטאַנדאַרדס, אויף „זעכצעהן צו איינ[…] אישוס; אויף הויכע און קליינע טאַריפען און אַנדערע איש[…] וועלכע האָבען געהאַט אַזאַ ממשות ווי די פאַרלעקשען פ[…] שפּרעכונגען פון פּאָליטישענס, אָדער לכל הפחות האָבען פּאַרטייען עפּעס געהאַט אַ תירוץ פאַר וואָס צו קעמפּען אי[…] געגען דעם אַנדערען. אין דעם היינטיגען קאַמפּעין האָבען אָבער אפילו קיין תירוץ ניט.

דיזער צושטאַנד האָט געבראַכט צו לעב, אַז אויף דעם פ[…] זענלכען ווערטה פון דעם קאַנדידאַט זאָל געלייגט ווערען מע[…] געוויכט. מען מוז איצטער, מעהר ווי אַלע מאָל, זוכען אַ קא[…] דידאַט וואָס זאָל קענען ציהען די שטימען פון אַלע פאַרשיעדע[…] קלאַסען וואָוטערס. דאָס פאַרשטעהען די פּאָליטישענס גא[…] גוט. דערפאַר זוכט יעדער איינער, וואָס וויל מען זאָל אי[…] נאָמינירען פאַר אַ קאַנדידאַט ביי איינער פון די צוויי גרוי[…] פּאַרטייען, צו מאַכען דעם איינדרוק, אָדער ריכטיגער געזאָג[…] זייערע פּרעס אַגענטען טרייען צו פאַרשפּרייטען דעם איינדר[…] אַז זיי פּאַסען זיך צו אַלעמען.

מיר וועלען דיזעס פּרובירען צו בעווייזען דורך אַ קאָנקר[…] טען ביישפּיעל:

אַ פּרעס אַגענט פון איינעם פון די גאָר פּראָמינענטע פּר[…] זידענט קאַנדידאַטען האָט געבעטען דעם שרייבער פון דיזע צ[…] לען צו געבען אַ ביסעל „פּובליסיטי" זיין קאַנדידאַט. „אי[…] ווער גאָר ניט האָבען קיין „טראָבעל", פאַרזיכערט ער מיר. „[…] וועלען אליין אַנשרייבען דעם אַרטיקעל פאַר אייך, לאַנג אָד[…] קורץ, ווי איהר ווילט, און דאָס מאַכען פיקס און פאַרטיג פאַ[…] דרוק. אַלעס וואָס איהר וועט דאַרפען איז אונטערשרייב[…]

---

מיט זיך מיטגעבראַכט זייערע שולען און ערציהונגס־אנשטאַלטען, וואָס זיינען מיט אַזוי פיעל מיה געשאַפען געוואָרען, און הונ־דערטער אידישע קהלות האָבען געהאַט מעהר אָדער וויינינגער נאָרמאַל־פונקציאָנירענדיגע ערציהונגס־אַנשטאַלטען און שולען, וועלכע שטעהען אויף אַ מאָדערנעם וועלטליכען אופן אין דער אידישער שפּראַך.

ייער נאמען און וואס אוועקשיקען צו אייער ציימונג". ממש
ון אפגעשיילטע אייעלע אין מויל אריין... פאלט מיר איין א
אלדענער געדאנק, ווי זיך ארויסצודרעהען פון איהם. איך ער־
לער איהם, אז איך שרייב' נאר פאר ארבייטער צייטונגען און
ון אויב יא געבען פובליסיטי קען איך זיין קאנדידאט בלויז
זיך זאכען וואס ער האט אמאל אויפגעטאן פאר ארבייטער,
זייט אזוי גוט, זאג איך איהם און גיט מיר בלויז די פאקטען
אכ אייער קאנדידאט האט זיך פארדיענט געמאכט ביי די אר־
ייטער און איך וועל זיי שוין אליין בעארבייטען. ער פאר־
לעכט מיר אויסצוזוכען די פאקטען. נו, נו — זוכט ער
אך עד היום.

ניט פון אלע פרעס אגענטען ווערט מען אבער אזוי לייכט
טור. אן אנדערען פארקטראשעט מען ניט מיט אזא זאך. ער
יעט פאר אייך געפינען פאקטען, אז זיין קאנדידאט איז א
רויכער ארבייטער פריינד. ווי, צום ביישפיעל, די ערפאהרונג
אכ איך האב געהאט מיט גאווערנאר לאודען'ס פרעס אגענט.
יך האב איהם געזוכט רעם זעלביגען פזמון וואס יענעם. אבער
א האט עס ניט געארבייט. ער האט מיך געבראכט „פאק־
ען" (*) אז לאודען איז דער גרעסטער ארבייטער פריינד אין
ער וועלט.

גאווערנאר פרענק ארדען לאודען איז אליין א מיליאנער.
ומת, ער איז אמאל געווען א קבצן, אבער עס איז שוין אזא
אנגע צייט צוריק, אז ער האט עוין אליין פארגעסען. ער
יז א זוהן פון א קאוואל אין א קליין שטעדטעל און אין זיינע
ונגע יאהרען האט ער געדארפט שווער ארבייטען זיך אליין
ו דערנעהרען. אבער צייט ער איז געווארען א שטיקעל מענש,
את ער זיין גאנצע בילדונג און פעהינקייט געווידמעט דער
אפיטאליסטישער קלאסע, פון וועלכער ער איז גאר אין גיכען
יין געווארען א פול בארעכטיגטער מיטגליעד. ביי פראפעסיע
יז לאודען א לאיער. זיין ספעציאליטעט איז געווען ווי צו
רגאניזירען גרויסע טראסטס אזוי, אז זיי זאלען זיין אין די
ענעצען פון געזעץ. דאס איז אן ארבייט וואס בעצאהלט זיך
עסער ווי צו זיין אן אפרייטער ביי וויסטלאך. ער האט
רגאניזירט די אמעריקאן רעדיאייטאר קאמפאניע, די נעשיאנ־
אל ביסקיט קא. און אנדערע, פון וועלכע ער אז אליין א גאר
שט קשה'דיגער סטאק האלדער. אין 1896 האט פרענק לאודען
עהייראט די טאכטער פון רזשארדזש מ. פולמאן, דעם הויפט
ון דער פולמאן קאר קא. זי האט איהם געבראכט נדן עפעס
ניין אדער צעהן מיליאן דאלארס. אין איקינאיז האט לאודען
פארם פון 2000 אקער לאנד און אין טעקסאס און אקלאהאמא
אט ער אייניגע קאטאן פלענטאציעס.

אויב נאך דיזען צעטעל, וואס איך האב דא אויסגערעכענט,
אינדערט איהר זיך ווי אזוי מען קען גאווערנאר לאודען רע־
ענען פאר א פאסענדען מענשען צו פארטרעטען די ארבייטער,
על איך אייך דערצעהלען, אז זיין פרעס אגענט האט מיר
געבראכט צושלעפען א סטייטמענט פון אן ארבייטער פוהרער,
יינעם א בארני קאהן, א געוועזענער פרעזידענט פון דער איליי־
זין פעדערייש און לייבאר, וואו דיזער „ארבייטער פיהרער"
זגט, אז אלע גוטע און פרומע ארבייטער דארפען על פי יושר
ין פאר גאווערנאר לאודען. ער דערצעהלט ווי דער גאווערנאר
אט בלייך נאך זיין עלעקשאן געגעבען אן ארבייטער פיהרער
גוטען דזשאב. נו, דארף מען נאך א בעסערען בעוויז, אז
איז אן ארבייטער פריינד?

איך האב דערצעהלט דיזע געשיכטע, ניט אלס קיין אויס־
מע נאר, פארקערט, אלס א כאראקטעריסטיק, ווי עס ווערט
ארבייט פאר פרעזידענט קאנדידאטען, און ווי אזוי די קאנ־
דאטען האבען פרעטענזיעס צו פארטרעטען אלע קלאסען און
יכטען פון דעם אמעריקאנעם פאלק. דאס וואס איז אמת
יף איינעם איז אמת אויף אלע איבעריגע פרעזידענט קאנדי־
אטען.

אין דעם היינטיגען נאציאנאלען קאמפעין איז דא נאך א
יעס: דער אלטער פארטיי־סיסטעם אין אונזערע פאליטיקס
ורם געשטראשעט מיט פארניכטונג. די פאליטישענס, די
רער פון די צוויי גרויסע פאליטישע פארטייען האבען זיך
יסעל דערשראקען פאר די פארשיעדענע שיכטען אין דער
עריקאפט, וועלכע האבען זיך אנגעהויבען אביסעל אויסטשו־
ן פאליטיש. די באמבאסטישע ערקלערונג פון דער אמערי־
ן פעדערייש און לייבאר איז טאקע קיין נייעס ניט, אבער
ר האט די זיך גענומען דיזעס יאהר ערנסטער צו דער

ארבייט ווי אין אלע פריהעריגע קאמפעינס. זי האט ארגא־
ניזירט קאמפעין קאמיטעען אין אלע טהיילען פון לאנד און
ארבייט אויס ליסטען מיט נעמען פון אלע קאנגרעסלייטע און
סענאטארען און אלע אנדערע בעאמטע וואס האבען זיך ארויס־
געצייגט אלס שונאים פון די ארבייטער. אזוי לאנג ווי די
פעדערייש האט גערעדט אין אלגעמיין פון „בעלוינען פריינד
און בעשטראפען פיינד" האט עס די פאליטישענס ווייניג וואס
געקימערט, אבער אז זיי נעהמען זיך טאקע נאכזוכען די רע־
קארדס פון די איינצעלנע פארטרעטער און ווילען אנרופען
נעמען — דאס איז שוין אביסעלע צו געפעהרליך. זיי ווייסען
גאנץ גוט, אז זעהר ווייניג פארטרעטער קענען אויסהאלטען
פראבע. צו דעם קומט נאך צו דאס ארגאניזירען א בעזונ־
דערע „לייבאר פארטיי" אין פיעלע שטאאטען, געגען גאמ־
פערס'עס ווילען. דאס ווערט שוין אביסעל צו געפעהרליך. די
אייזענבאהן ארבייטער האבען בעשלאסען דיזעס יאהר זיך אק־
טיוו צו בעטהייליגען אין קאמפעין און פאדערען דין וחשבון
פון יעדען קאנגרעסמאן וואס האט געהאנדעלט געגען זייערע
אינטערעסען. די „פלאמב פלאן ליעג", וועלכע איז א טהייל
פון די אייזענבאהן ארבייטער יוניאנס, טרעט ארויס אפען פאר
רעגיערונגס־אייגענטום פון באהנען און אנדערע טראנספארטא־
ציאנס מיטלען. די פארמערס פון לאנד האבען זיך אויך
אנגעהויבען צו ארגאניזירען אויף דעם פאליטישען פעלד. זייי־
ער ארגאניזאציאן, די „נאן פארטיזאן ליעג" האט שוין פאר־
כאפט דעם סטייט נארטה דאקאטא אין גאנצען און האלטען
ביים ווערען א גרויסע מאכט אויך אין אייניגע אנדערע
סטייטס, וואו די פארמערס זיינען אין א גרויסער צאהל. די
צוויי גרויסע פאליטישע פארטייען, די רעפובליקאנישע און דע־
מאקראטישע, דערפיהלט אז די ערד גליטשט זיך ארויס פון
אונטער זייערע פיס. פאר דעם סאציאליסטישען וואוט שרע־
קען זיי זיך אויך היינטיגעס יאהר מעהר ווי אלע מאל. די
געשיכטע אין ניו יארק, דער צווייטער עלעקשאן פון בערגער'ן
אין וויסקאנסין מיט אזא שטוינענד גרויסע צאהל שטימען,
האט זיי געמאכט זך אנצוהויבען שטארק צו שרעקען פאר דער
סאציאליסטישער פארטיי. זיי זיינען צוטומעלט און ווייסען
ניט וואס צו טהאן.

דיזע סיטואציע האט געבראכט פרעזידענט־קאנדידאטען,
וועלכע פיגורירען אלס ניט קיין שטרענגע פארטיי מענשען,
ווי הוירעם דזשאהנסאן, צום ביישפיעל, וועלכער האט אין די
לעצטע וואהלען געארבייט געגען דעם רעפובליקאנער פרעזי־
דענט קאנדידאט אין קאליפארניא, אדער גאך אזעלכע וואס
מען איז ניט זיכער צו זיי זיינען רעפובליקאנער אדער דעמא־
קראטען, ווי צום ביישפיעל, הואווער אדער פוירשינג.

דאס זיינען אלץ נייע ערשיינונגען אין די פאליטיקס פון
אונזער מדינה. אונזערע פאליטישענס פיהלען, אז עס זיינען
איצטער נייע צייטען און נייע וועגען מוזען אויסגעטראטען
ווערען, אבער זיי ווייסען ניט צי זיי זאלען געהן רעכטס אדער
לינקס. דרעהען זיי זיך אויף אלע זייטען און שטעהען אויף
דעם זעלבען פלאץ.

עס איז א קאמעדיע. עס איז אלע מאל געווען א קאמעדיע,
אבער היינט איז דאס א נייע סארט קאמעדיע. אלטע ערפאה־
רענע קאמעדיאנטען, אבער עס קומט זיי איצטער אויס צו
שפיעלען נייע, ניט איינגעשטודירטע ראלען. און דער סופלער
איז שיכור, ער באלעבאטשעט אונפארשטענדליכע ווערטער, וואס
קלעפען זיך ניט איינע צו די אנדערע.

עס איז א קאמעדיע, אבער ווען איהר גיט א טראכט, אז
דאס איז א קאמעדיע אין וועלכער עס היינגט אפ דער וואהל־
זיין פון א גאנצען פאלק, א גרויסעס און רייכעס פאלק פון
הונדערט מיליאנען נפשות, ווייסט איהר ניט צי איהר זאלט
וויינען אדער לאכען פון דיזער נאציאנאלער קאמעדיע וואס
שפיעלט זיך איצטער פאר אונזערע אויגען.

---

איך פיהל די ווארעמקייט פון דעבס'עס הארץ פון פיער טויזענד מייל
ווייט... — בערנארד שאו.

* * *

ווען פאן־קאפ האט געמאכט דעם מאנארכיסטישען אויפשטאנד אין
בערלין, האט דער: ארעמער חולהעלם גישט נאר אויפגעשפיצט זיינע וואנצעס,
נאר אויך זיינע אויערען...

* * *

געדענקט אז די וואס זיצען פארשפארט אונטער ריגעל און שלאס פאר
זייערע און אונזערע מיינונגען...!



# ווען ס׳ווערט ליכטיג

לאה ק. האָפמאַן



מיס דזשענעט דריימאַנד איז אַריין אין אַ נייעם שאַפּ אַרביי־טען, האָט זי פאַנאַנדערגעפּעקעלט דעם אוצר פון איהרע קאָקע־טישע שטיק, און גענומען מאַכען פאַרשידענע קאָקעטישע זשעס־טען.

די מענער וועלען צופיקעט ווערען קוקענדיג אויף איהר, האָט זי געטראַכט, און אין הארץ האָט זיך איהר צוגאָסען אַ נייע פרייד.

אַז זי האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי דער מאַשין אַרבייטען, האָט איהר געצויגען אַ קוק צו טאָן וואָסערע מענער עס געפינען זיך אין שאַפּ. זי האָט אָבער ניט געוואָלט אויפהייבען די אויגען ווייל זי האָט געוואוסט, אַז מיט אַרונטערגעלאָזטע ברעמען זעהט זי אויס שעהנער, און אַ חוץ דעם האָט זי ניט געוואָלט זיי זאָלען דערשפּירען איהר נייגעריגקייט,

דערהווייל האָט זי פון צייט צו צייט געכאַפּט אַ פאַר׳גנב׳טען קוק אויף דער רייהע מאַשינען ביי וועלכער זי איז געזעסען, און קיין מענער האָט זי דאָרט ניט געזעהן, האָט זי געטראַכט אַז הינ־טער איהר ביי דער צווייטער רייהע מוזען זיי אודאי זיצען; אַלע מסתמא, יונגע און שעהנע אַמעריקאַנער בחורים. האָט זי זיך פאַרריכט די קוקלע פון הינטען, און אַכטונג געגעבען אַז דאָס שנירעלע ביישצענדיגע פאַלשע פערעל זאָל זיך גוט אָנזעהן אויף איהר האַלז.

אויסדרעהען דעם קאָפּ צו זיי, צו די מענער פון איהר פאַנ־טאַזיע, האָט זי זעהר געוואָלט, זי האָט אָבער ניט געוואַגט.

ערשט מיטאַגשטונדע האָט זי זיך אומגעקוקט אויפ׳ן גאַנצען שאַפּ, און קיין איין מאַן ניט געזעהן אַחוץ אַ דארען אָפּערייטערעל מיט אַ פּאָר קליינע פאַרזשמורעטע אויגלעך, און מיט אַ ברייט נעזעל ווי אַ טשייניקעל. איז איהר אומעטיג געוואָרען, און אַ געדאַנק איז דורכגעלאָפען דורך איהר מח אַז זי וועט דאָ ניט אַר־בייטען...

קוק נאָר אָן אַ שאַפּ! קיין איין רעכטער מענש איז דאָ ניטאָ. און זי האָט זיך ערשט אָנגעטאָן אַ נייעם קאָסטיום מיט אַ נייעם הוט. נויטיג געדאַרפט פאַר אַזאַ שאַפּ. די פּוידער מיט די פאַרב קאָסט איהר אַזוי פיעל געלד, און זוער וועט עס דאָ אָנזעהן? עט, זי האָט דעם מאָל ניט געטראָפען. כאָטש פאַר־דינען וואָלט זי דאָ געקענט, און די מיידלאַך זיינען דאָ אַלע ניט קיין שעהנע, האָבען זיי גרוים דרך ארץ פאַר איהר, איבערהויפּט פאַר דעם שוואַרצען חן פינטעלע אויף איהר פּנים, וואָס פּאַסט איהר אַזוי שעהן צו די בלויע אויגען. זיי וואָלטען דאָ ניט גע־וואוסט וואָס צו טאָן מיט איהר, נאָר געה אַרבייט אין אַ שאַפּ וואָס האָט, ווי אַ האַרעם, בלויז מיידלעך.

מיט אַמאָל האָט זי דערפיהלט אַז דער אָפּערייטערעל מיט די פאַרזשמורעטע אייגלעך שטעהט הינטער איהר. האָט זי זיך אויסגעדרעהט צו איהם מיט אַ קאָקעטישען שמייכעל און איהם ־ריינגעקוקט אין פּנים.

די רייצענדע פאַרבען פון די שמינקע אויף איהר פּנים, האָ־בען איהם אַ בלאַנק געטאָן פאַר די אויגען, איז ער צוטומעלט געוואָרען און ניט געוואוסט וואָס צו זאָגען.

וואָס וויל ער דער נאַר? האָט זי געטראַכט, און זיך אַוועק־געשפּאַנט מיט שטאָלצע טריט.

אין אָוונט, אַז דזשענעט איז אַהיים געקומען, האָט איהר די־מאַמע געפרעגט: „נו, מיין טאָכטער? ווי געפעלט דיר דער נייער שאַפּ?"

„איכ׳ל דאָרט ניט קענען אַרבייטען". האָט דזשענעט גע־ענטפערט מיט אַן אומעטיגע מינע.

„פאַרוואָס?" האָט זיך די מאַמע געוואונדערט.

„ווייל — ווייל — ס׳איז אַ פינסטערער שאַפּ"...

„אַזוי, אַ פינסטערער שאַפּ!" האָט די מאַמע איהר נאָכגע־רעדט מיט פאַרדרוס, און באַלד צוגעגעבען: „געה טאַקע ניט אַרבייטען דאָרט מיין טאָכטער, וועסט חלילה פטר׳ן דיינע אויגען".

אויף מאָרגען איז דזשענעט געגאַנגען אַרבייטען מיט׳ן גע־דאַנק צו ענדיגען איהרע אַרבייט און אַהיים צו געהן. איז איז געווען לייכט אויפ׳ן הארצען.

אַריינגעהענדיג אין שאַפּ, האָט זי דורך אַ אָפענע טיר ג[...] כאַפּט אַ קוק אין אָפיס, און אַ שעהנער יונגערמאַן האָט איהר בלאַנק געטאָן פאַר די אויגען.

זי האָט אַ געוואַגטען קוק געטאָן אויף איהם, און זייע[...] בליקען האָבען זיך באַגעגנט...

נאָכדעם האָט זי שוין געאַרבייט מיט אַ פרעהליך האַר[...] און אַלץ געטראַכט: ווער קען ער דאָס זיין? זאָל ער זיין ד[...] באָס אָדער דער בוכהאַלטער, אָדער אפשר גאָר אַ סיילסמאַן, דעגה ווער ער איז, אַבי ער איז אַזוי יונג און שעהן. אך! יו[...] און שעהן! וואָס פאַר אַ גוטע זאַך דאָס איז! און זי האָט ג[...] פיהלט ווי איהר הארץ שמעלצט זיך אין אַ נייעם געפיהל פ[...] פרייד...

די אַרבייט האָט ביי איהר גענומען געהן שנעלער פון ד[...] האַנד, און די מיידלעך זיינען איהר אַלע ליעב געוואָרען. האָט אַפילו פאַרלאָרען דעם כעס צום אָפּערייטערעל פאַר וו[...] ער האָט פאַרזשמורעטע אויגלעך. ער איז מסתמא אויך אַ ווא[...] לער בחור האָט זי געטראַכט.

דורכ׳ן פענסטער האָט זי דערזעהן אַ שטיק בלויען היסט[...] און איהר פרייד איז נאָך טיפער געוואָרען.

זי האָט זיך דערמאָנט אַז ס׳איז דאָ אויף דער וועלט אַ לו[...] טיגער, זוניגער דרויסען, און זונטאָג קען מען איהם האָבען ד[...] גאַנצען טאָג. און אַז מען האָט אַ קאַוואַליער אַזוי ווי יענ[...] דאָרט, אין אָפיס, פאָהרט מען אַוועק אין אַ שעהנעם פּאַרק, א[...] מען קען זיין אַזוי גליקליך!

לופט, זון, און ליעבע — זי וועט דאָס ווען עס איז זיכ[...] האָבען, זאָל זי זיך נאָר נעהנטער באַקענען מיט יענעם דאָרט א[...] אָפיס. ווער ווייס ווי פיעל פרייד פאַר איהר איז אָנגעגרייט[...]

„גליק, ווי ביזטו דאָ **געקומען**
און מיין **הארץ אַרומגענומען,**
ווער האָט דיך געשיקט אַהער
אויף צו וועקען מיין באַגעהר?"

האָט זיך דזשענעט צוגעזונגען הויך אַז יעדער האָט זיך או[...] געקוקט.

„ס׳איז איהר וואויל", האָט אַן עלטערע מיידעל איראָני[...] באַמערקט צו אַ צווייטע.

„אודאי איז איהר וואויל — אַרויפגעלייגט אויף זיך אַ גאַ[...] צע האָג סטאַר און בלאַנקט ווי אַן אָפּגעשייערט טעפּעל" האָ[...] די צווייטע געענטפערט.

אַז דזשענעט האָט געהערט ווי די מיידלעך ריידען שט[...] צווישען זיך, האָט זי געטראַכט: אודאי וועגען מיר, זיי וואו[...] דערען זיך מסתמא ווי שעהן איך בין. און זי האָט זיך דער[...] פיהלט נאָהענט צו זיי.

אין אָוונט אַז דזשענעט איז אַהיים געקומען, האָט זי איהר מאַמע געבייזערט אויף איהר וואָס זי אַרבייט אין אַ פינ[...] טערען שאַפּ און פטר׳ט די אויגען.

„ס׳איז אַלרייט!" האָט דזשענעט געענטפערט: „איכ[...] שוין דאָרט אַרבייטען, ד אָ ר ט א י ז ש ו י ן ל י כ ט י ג".

---

וועט איהר זיך ניט דאַרפען שעמען, וואָס איהר האָט נישט אָפּגעגעב[...] אייער שטימע אונזער דעבס׳ען, נאָר דערפאַר וואָס איהר האָט זיך געפּ[...] אַרויסצונעמען בירגער־פּאַפּירען?

* * *

אונזערע קענעדער פריינד וועלען איינפאַך ניט קענען אָפּכאַפּען ד[...] אָטעם. ערשט אַדורכגעפירט אַ בריליאַנטענעם מעמבערשיפּ־קאַמפּיין, אַלס ק ר ב ן ש ל מ י ם, און יעצט, קריגענדיג דעם טשאַרטער פאַר נאַנץ [...] נעדע, וועלען זיי געוויס אויפפּראַלען אַ צווייטען, נאָך מעכטיגערען קאַמפּ[...] אַלס אַ ק ר ב ן ת ו ד ה...

* * *

די קינדער פון אונזער ראַק־איילענדער א. ר. שול, אַזוי גוט ווי [...] קינדער פון אונזערע שיקאַגאָ׳ער א. ר. שולען, וועלען זיך נישט דאַרפ[...] שעמען ווען זיי וועלען וועגען באַגעגענען זייערע ברידער און שוועסט[...] פון אייראָפּאַ. מיר שטאָלצירען מיט אייך, קינדער — און עס איז נ[...] קיין פּוסטער שטאָלץ...

# ווער זיינען די יונגע שרייבער?

[...]נה שטיינבערג:

אין דער לעצטער־צייט האט מען גענומען שרייבען־וועגען [...]יונגע שרייבער אין פארשידענע צייטונגען און זשורנאלען. [...]ן הייבט זיך אן מיט זיי ערנסט צו פאראינטערעסירען. דאס [...]ווייזט אז די יונגע שרייבער זיינען געווארען א באדייטענדע [...]שיינונג אין דעם אמעריקאנער אידישען לעבען.

די יונגע האבען שוין ארויסגעגעבען א באדייטענדע צאל [...]בער, זיי גיבען ארויס פארשידענע זאמלונגען און זשורנאלען, [...] פארנעמען שוין אין דער ליטעראטור א פלאץ און מען מוז [...] מיט זיי רעכענען.

אבער ווער זיינען זיי, פון וואנען און ווי אזוי זיינען זיי [...]קומען, און פאר וואס רופט מען זיי אלע מיט אזא אלגע[...]מיינעם נאמען „יונגע"?

די אלע פראגען וועלען קלאר ווערען ווען מיר וועלען בא[...]טראכטען די אנטוויקלונג פון אונזער גייסטיגען לעבען אין [...]אמעריקא.

---

די ערשטע מענשען, וואס זיינען ביי אונז ארויסגעקומען [...]ן דער עפענטליכקייט, זיינען צו אלער ערשט געווען רעוואלו[...]ציאנערען: סאציאליסטען, אנארכיסטען אדער אזוי ראדיקאלען. [...] זיי האבען אויך געשריבען לידער און ערצעהלונגען, איז [...]דאס ביי זיי געווען א ביי־זאך. די הויפט־אויפגאבע וואס זיי [...]האבען געהאט אין לעבען, איז געווען — צו לייזען די סאציאלע [...]פראגע. ווי פארשידען עס זיינען געווען זייערע מיינונגען ווע[...]גען די מיטלען און די מעטאדען, אויף איין פונט זיינען אלע [...]געווען איינשטימיג, אז די ארדנונג פון דער וועלט איז ניט אזוי [...] ווי זי דארף זיין, און מען דארף דורכפיהרען א סאציאלע רע[...]וואלוציע, אום איינצופיהרען א בעסערע ארדנונג אין דער גע[...]זעלשאפט.

צוליעב דעם האט מען ארויסגעגעבען צייטונגען און זשור[...]נאלען, און דאס איז געווען דער גרונד־געדאנק פון זייער שריי[...]בען. די וואס האבען געשריבען לידער און ערצעהלונגען, האב[...]ען דעם גרונד־געדאנק דארט באהאלטען, און אפטמאל ניט [...]באהאלטען. אויב זיי האבען אמאל פארבלאנזשעט אין דער [...]וועלט פון שעהנקייט — איז דאס געווען פון דעם אייביג־מענש[...]ליכען דראנג צו פרייד, אבער קיין געוויכט האבען זיי אויף [...]דעם ניט געלייגט. די גאנצע ליטעראטור פון אונזערע עלטערע [...]שריפטשטעלער האט געציעלט צו איין הויפט־אידעע: צו צו[...]גרייטען די מענשען פאר א נייעם געזעלשאפטליכען לעבען, [...]וואו עס זאל הערשען עקאנאמישע און פאליטישע גערעכטיגקייט.

מען קאן דערפאר באהויפטען, אז קיין ליטעראטור אין [...]דער וועלט איז ניט אזוי ריין רעוואלוציאנעריש ווי די אידישע [...]ליטעראטור אין אמעריקא.

ערשט מיט דעם אנקומען פון די יונגע שרייבער אי פאר[...]געקומען אן ענדערונג. די יונגע שרייבער האבען זיך גענומען [...]ערווייטערען פון דעם סאציאלען פרינציפ אין זייער שרייבען.

מען דארף ניט פארגעסען אז אויך זיי זיינען כמעט אלע [...]געווען פראלעטאריער, און געווען מעהר ווי וועניגער סא[...]ציאליסטיש געניינט, אבער אין זייערע שריפטען האבען זיי [...]ניט געפאדערט קיין סאציאלע דערלייזונג. זיי האבען גע[...]האלטען אז אלס בירגער קאן מען זיין סאציאליסטען, אבער [...]די שעהנע ליטעראטור דארף ניט דינען דעם סאציאליזם, אדער [...]וועלכען אנדער „איזם"; נאר די ליטעראטור איז א צוועק פאר [...]זיך זעלבסט.

ווען די עלטערע שרייבער האבען געפרעגט, צוליב וואס [...]איז אויפגעשריבען די מעשה אדער דאס ליד?

איז דער ענטפער געווען:

מיר שרייבען ניט צוליב א אידעע, נאר א מעשה צוליב [...] מעשה און א ליד צוליב א ליד. וועניג א שעהן ליד איז שעהן [...]אין א שעהנע מעשה איז שעהן. סאציאליזם האט דערמיט גאר [...]ניט וואס צו טאן.

פארשטעהט זיך אז דאס איז דעם עלטערען דור שריפט־שטעלער ניט געווען צום הארצען. זיי האבען גאנץ גוט גע־וואוסט אז ביי די אנדערע פעלקער איז שטענדיג געשאפען געווארען קונסט צוליב שעהנקייט, און שפעטער איז געבארען געווארען א ריכטונג וואס האט געפאדערט די טעאריע: „קונסט צוליב קונסט". און אויך ביי זיי האבען זיך געפונען באקעמ־פער פון אזא ליטעראטור. טאלסטאי איז געווען איינער פון די שטארקסטע געגנער געגען יענער ריכטונג, טאקע דערפאר ווייל טאלסטאי איז צו אלעם ערשטען געווען א סאציאלער רעפארמער, און ער האט געהאלטען, אז די קונסט האט נאר א זין ווען זי העלפט אויסלייזען די מענשען פון אלע צרות, זאנסט איז זי בלויז א שפילעכעל פאר ליידיג־געהער.

אבער ביי די אנדערע פעלקער, וואו ס'איז דא א בור־זשואזנע אינטעליגענץ, האט די ריכטונג פון קונסט צוליב קונסט געפונען א סך אנהענגער.

ביי אונז אידען אבער, וואו די אינטעליגענץ איז א ראַ־דיקאלע, האט אזא ריכטונג ניט געקאנט געפינען קיין שטאר־קען אפקלאנג. צו אלעם ערשטען האט מען געוואלט ברייגגען דעם סאציאליזם אויף דער וועלט. מען האט זיך זעהר ווייניג געוואלט אפגעבען מיט שעהנע שפילעכלעך. מען האט זיך איבערהויפט אין יענע יאהרען קיין סך פארגעניגענס ניט פאר־גונען. שעהנקייט איז געווען אן איבעריגע זאך. דאס איז גוט פאר די רייכע, זאטע גוים. אבער מיר אידען דארפען מאכען די סאציאלע רעוואלוציע, דערנאך וועט זיך יעדער קאנען שפילען מיט וואס נאר ער וועט וועלען.

מיט איין ווארט, שעהנקייט און לוקסוס פאר דער נשמה, האט מען אפגעלייגט אויף נאך דער רעוואלוציע.

די יונגע שרייבער זיינען געקומען מיט אן עגאאיסטישער, אבער דערפאר אויך מיט א ריין מענשליכער פאדערונג. זיי האבען גע'טענה'ט:

איהר ווילט ברענגען דעם סאציאליזם? גוט, מיר האבען ניט דאגעגען, אויב איהר ווילט דאס מאכען אויף א פלינקען אופן וועלען מיר אייך זיין דאנקבאר דערפאר און אייך זינגען לויב־לידער. אבער דערווייל זיינען מיר דאך מענשען מיט א לעבעדיגען ווילען, און מיר ווילען הנאה האבען פון דעם לעבען אין דער צייט ווען מיר לעבען. און ווי אזוי קאנען מיר לעבען אהן שעהנקייט, אהן פאעזיע, אהן די ריין מענשליכע קונסט? דער סאציאליזם קאן באפרידיגען נאר איין טייל פון דעם מענ־שען, דעם עטישען טייל; אבער דער מענש דארף האבען שעהנ־קייט, וואס זאל געבען אן אינהאלט זיין גאנצער נשמה.

מען מוז צוגעבען אז זייער טענה איז געווען א גערעכטע. נאר גערעכטע טענות האבען שוין אפטמאל אזא מזל: זיי ווע־רען אויסגעהערט און ניט צוגעגעבען, און נאך וועניגער נ א כ־ג ע ג ע ב ע ן.

די יונגע שרייבער האבען זיך אבער ניט באנוגענט מיט בלויז א טעארעטישע טענה, זיי זיינען אויך אייניגע מאל ארויס מיט א גאנץ שארפע פאלעמיק געגען די עלטערע שריפטשטע־לער, ווי דאס איז כאראקטעריסטיש פאר יונגע. דערפאר הא־בען זיי ניט געפונען קיין סך חן אין די אויגען פון די עלטערע. פונדעסטוועגען, האט מען זיי פון צייט צו צייט געדרוקט אין אלע אידישע אויסגאבען, ניט קוקענדיג אויף די ניט פריינד־ליכע באציהונגען. אבער קיין באדייטונג האט מען צו זיי ניט צוגעגעבען. מען האט זיך מיט זיי וועניג וואס גערע־כענט. אז מען האט שוין וועגען זיי יא געשריבען א רעצענזיע, איז דער טאן אלעמאל געווען אן אפלאכענדער אדער א שטרא־פענדער. מען איז צו ניט צוגעגאנגען ווי צו דערוואקסענדע מענשען; נאר ווי צו קינדער וואס שפילען זיך, זיי־די אינגלעך — „יונגע".

(פארטזעצונג קומט)

י. ב. ביילין

# און אפשר גאר ליכטיג...

(מאי־געדאנקען)

מ'ריכט זיך דא אין פאריז, אז דעם ערשטען מאי וועלען סטרייקען אלע אייזענבאהן־און עלעקטריק־באהן־ארבייטער, אלע פוהר־לייט און שאפערס, אלע האנטווערקער און פאבריק ארבייטער און עס איז גאנץ מעגליך, אז אויך די עלעקטריק און גאז־ארבייטער זאלען סטרייקען און ס'וועט נאך אפשר זיין פינסטער אויף די פאריזער גאסען.

— פון די צייטונגען.

ווי עס הייבען נאר אן צו בלאזען די מילדעווארעמע דרום־ווינטלאך און ברענגען מיט מיט־זיך די ערשטע גרופען אטוואזשנע שוואלבען; ווי עס הייבט נאר אן צו שמעקען מיט דער באקאנטער פריהלינגס־פארע פון דר'ערד און די ביימער ווערען אנגעדראלען פון שפאנענדען זאפט אין די צווייגען; ווי די זון נעמט זיך נאר שטייגען אלץ העכער און העכער אין הימעל און איהר פנים צולאכט זיך אלץ פרייליכער און העלער; ווי נאר עס הייבט אן אין די פארוואניעטע מענשען הערצער צו ציהען און בליהען מיט האפנונגען און פארלאנגען הייבט עס אן צו פלעקען שרעקען אין די פארפעסטעטע הערצער פון די הארצלאזע און נשמה־לאזע רעגענעראטען. זיי רעזוערטירען זייערע פרעזידענט־שטולען אין די באנקען און אין די קארפאראציעס; זיי פארלאזען זייערע וואונדער־ווילאס, וואס זיינען נאהענט צו די געריכטע פראלעטאריער־צענטרען און אײלען אוועק אויף זייערע יאכט־שיפען און ספעציעלע אויסגעשטאטעטע פארלאר־באנען אין די פארשידענע רעזארטען, וואס זוימען ארום די ברעגען פון פלארידא און קאליפארניא, פון סאן־רעמא און ניצא, פון עגיפטען און איטאליען.

דער שרעק יאגט זיי. די מורא פאר די סאנקילאטען־מחנות מיט די ערנסטע און אנגעכמורעטע פנים'ער, מארשירענדיג מיט פענער און שטרענגע פארערונגען, קלאפט ווי א ווינט אין די זעגלען פון זייער שיף.

אבער זיי קענען פון איהם נישט אנטלויפען: אונדערבארעמדיג און ביטער יאגט ער זיי אן, דרינגט אריין אין זייערע בוזעמס, גליטשט זיך איבער זייער רוקען־ביין, ביינט איין זייערע קניה און פינטעלט זיך, ווי א מרה־שחורה'דיג שווארצאפעל אין זייער אויג. ער פארגאלט זייער טעלער, און פארגיפטעט זייער בעכער. ער פלאנטערט זיך צווישען די פיס אינ'ם וואקכאנאליען־טאנץ און שפרייזט־פאראויס ביים שפאציער. ער וויקעלט זיך ארום דער ראד פונ'ם אטאמאביל און רוהט ווי א פלעק אויף דער שניי־ווייסער סערוועט ביי דעם מאלצייט.

און אפילו שפעט ביי נאכט, ווען אלע שאטענס מישען זיך צוזאמען אין איין פארגליווערטער שטיק מייזט ער זיך אויף אויס פון אלעמען און פאכט מיט זיינע מעכטיגע פאזעס, ווי די פליגלען פון א ווינט־מיהל. ער וועבט זיך אריין אין די חלומות און טרייבט אפילו די שטייפע פיס פון דער מאסיווער בעט.

ער, דער שרעק פון דעם זאטען. ער, די מורא פון דעם מעכטיגען באזיצער. — דער סיאם־צווילינג, וואס ווערט געבארען פון די הייסע ליידענשאפטליכע קושען פון זון און ערד, פון הימעל און וואסער.

און נאך העלער שיינט די זון און נאך בלאהער טיפט זיך דער הימעל — א מת'דינ גאלד פליסט פון אלע זייטען, אבער נישט פאר די, וואס בעזיצען גאלד, דאס זאמדיגע גאלד, דאס פאלשע גאלד. נישט פאר די, וואס קארטשען זיך פון יעדען שטראל וואס שמייכעלט צו אלעמען גלייך, וואס ווארעמט אלעמען גלייך.

און נאך שמעקעדיגער צובליהען זיך ביימער און הערצער און נאך ברייטער עפענען זיך בלומען־בעכערס און נשמות, אבער ביי די, וואס שרעק און מורא געהט זיי נאך, ווי א שטומער שטומער שאטען, וואו זיי געהען און וואו זיי שטעהען...

* * *

אין דער זעלבער צייט נעמט אלץ פולער און שטארקער קלאפען דאס פראלעטאריער־הארץ. העלער ווערט עס אין די ווינקעלאך פון זיינע ווענט און אין די קעמערלאך פון זיין ברוסט. ער עפענט אויף ברייט זיין פענסטער, ארויסשטויסענדיג די לעצטע רעשטלאך פון די ווינטער־געסט, וואס האבען זיך צו איהם ארייגעגנבעט דורך דער טיר, מאדאם „פליו און מאדמואזעל „גיור", מיסטער בראנקייטיס און סער טאנסעלייטיס.

א האפנונג צובליהט זיך אין זיין אויפוואכענדען מוח און צעשימערט זיך מיט קאלירען ווי די אלפא־ביגע שליעפע פון דער פרעכטינער פאווע. ווייטע האריזאנטען, ליכטיגע און העלע בלאע עפענען זיך פאר איהם ביי טאג. נייע בליצענדע שטערען ווינקען צו איהם ביי נאכט. די האפנונג צוגיסט זיך אין אלע זיינע אדערען און נערוועז, גלייכט אויס זיין רוקען, מאכט זיכער זיין קניה און צושפיעלט זיך אין זיין אויג, ווי דער שטראל פון א דימאנט. ווי א באלזאם לינדערט זי זיינע וועהטאגען און היילט זיינע וואונדען. זי רייניגט זיינע בלוטען, פאהירט זיינע פגימות און שפרודעלט אויף די פארשטאפטע קוואלען פון זיין ווילען.

און וואס העכער עס שטייגט אלץ די זון אין הימעל אלץ מעהר פארווערטס רייסט זיך זיין קאפ, אלץ באפליגעלטער ווערט זיין פאנטאזיע. און וואס תילכיגער עס ווערט דער צוויטשער פון די פייגעל און וואס פולער און ענגער עס ווערען די נעסטען אלץ דייטליכער און העכער הערט ער דאס געזאנג פון באנייאונג אין זיין הארצען, אלץ פולער ווערט זיין ברוסט מיט איהר מוזיק.

זי, די האפנונג פון דעם אונטערדריקטען. ער, דער געדאנק פון דעם אויפגעוואכטען שקלאף. — די חתן־כלה, וועמען דאס לעבען אליין האט מקדש געווען און געגעבען זיי זיין ברכה.

און נאך שמעקעדיגער בליהט דער פריהלינג און נאך קלארער ווערט די לופט: אמת'ע בשמים פארטרינקען די חושים. — אבער נישט פאר'שכור'ן טוען זיי נאר באגייסטערען, נישט פארטונקלען די אויגען טוען זיי, נאר עפענען זיי אויף ברייטער און ברייטער, גרייט צו שלינגען אלץ מעהר וויסען, גרייט צו זעהן און צו פארשטעהן וואס זיי זעהן.

און אלץ נעהנטער רוקען זיך פלייצע צו פלייצע, הארץ צו הארץ. אלץ ענגער שליסען זיך די רייהען, אלץ פרעכטיגער בינדען זיך אוים די שלייפען פון פרייע פארבאנדען.

* * *

דער ערשטער מאי. און צוזאמען מיט די מיליארדען פון דר'ערד ארויסגעשפראצטע גרעזער קומען זיי ארויס די מיליאנען פון די בוידעמס און פון די קעלערען, פון די שעפער און פון די פאבריקען, פון די שיפען און פון די באנען, פון די פעקטאריס און פון די מילס, פון די מיינס און פון דער לופטען. זיי קומען ארויס און באדעקען די גאסען, — אלטע, יונגע, מענער, פרויען, קינדער. און צוזאמען מיט די העלע זון־שטראלען, וואס שפינען זיך אין דער לופט אויס ווי גאלדענע חופות צופלאטערן זיך די רויטע פאנען פון ארבייט, די בונטע באנערס פון פרייהייט. און פון הארץ צו הארץ, פון ברוסט צו ברוסט און פון אויג צו אויג ציהט זיך דער געפיהל פון ליעבע און אחדות, פון פרייהייט און סאליהאריטעט. אן ענטשלאסענהייט, ווי שטארקער, קרעפטיגער וויין צוגיסט זיך ארום ברוסט. מוט פון אן אונבאזיעגבארער ארמיי צוכוואליעט זיך אין די הערצער.

צי פריי, צי אונטער דעם יאך פון מיליטער צושטאנד, צי באשיצט פון דער מעכטיגסטער פרייהייטס־ארמיי, וואס האט נאר וועז געטראטען אויף דער ערד, צי פארפאלגט און געשטויסען פון מחנות באיאנעטען און פאליציי־רייטער פון דער אלטער רעגענעריר־ענדער וועלט — צי אויף דער מזרח'דיגער העמיספערע אויף דער מעריב'דיגער — וואו עס זאל נישט זיין — וועט עס ווי א מעכטיגער דונער אפהילכען ווייט און ברייט:

זאל לעבען דער סאציאליזם, די איינציגע האפנונג פון דער מענשהייט!

און ווען דער רעש פון די מיליאנען שטארקע מאשינען וועט אויפהערען אויף א טאג, וועט ער אפשר אנווייזען אויף די אויפלעבונגס־טעטיגקייט פון די פעלקער, וואס וועט קומען אין דעם נייעם טאג.

און ווען די פעהליגע גאסען פון די הויפט־שטעט וועלען נישט זיין באלויכטען מיט די גאז און עלעקטריק לאמפען וועט עס אפשר גאר, גאר ליכטיג ווערען אין די מיליאנען מוחות פון די ארבייטס־קינדער אויף דער ערד.

# איינבילדונגען פון א רעוואלוציאנערען ראמאנטיקער

(אן ענטפער צו גענאסע בורגין)

פון מאררים זיסקינד

ווען איך האב דורכגעלעזען גענאסע בורגין׳ס ארטיקעל [..]בער די וויכטיגסטע שטרעמונגען אין דער סאציאליסטישער [..]עוועגונג, אין נאוו.־דעצ. נומער פריינד, האב איך דערזעהן [..]אר מיר א בילד פון דעם טיפ סאציאליסם, וועלכען מארקס [..]אט אן „סעקטאנטען און דעמאגאגען“.

[..]קארל מארקס האט מיט די שארפסטע ווערטער קריטי[..]רט די סעקטאנטען און רעוואלוציאנערע דעמאגאגען, וועלכע [..]גיטירען די ארבייטער זיי זאלען מאכען שבת פאר זיך, אב[..]עטיילט פון דער אמת׳ער ארבייטער בעוועגונג, וועלכע פיהרט [..]ן דעם קלאסענקאמף, און זיי זאלען זיך אבווארפען פון פא[..]יטישער אקציאן. אין א בריעף צו א מיטגליעד פון „אינטער[..]אציאנאל“ אין ניויארק, האט מארקס אין 1873 אנגעוויזען, [..]ז די אנארכיסטישע באקונינטיש־פרודאניסטיש־אנטי־פאליטי[..]ע אקציאן טאקטיק איז די ארבייט פון סעקטאנטען און דע[..]מאגאגען און מען מוז זיי ארויסווארפען פון אינטערנאציאנאל. [..]ר נימט נאך צו, אז דער לאנדאנער קאנגרעס פון דעם אינטער[..]אציאנאל האט אנגענומען רעזאלוציעס, וועלכע מאכען מעגליך [illegible] צו ווערען פון די זאגענאנטע רעוואלוציאנערע מאסען־[..]קציאן אגיטאטארען, וועלכע האבען קיין פלאץ אין אן אמת׳ע[..] ארבייטער־ארגאניזאציאן, וועלכע פיהרט אן דעם ווירקליכען [..]קלאסען־קאמף.

איך וועל זיך דא ניט אבשטעלען אויף פר. בורגין׳ס אנא[..]ליז איבער די פארשיעדענע שטרעמונגען. איך ווייס, אז עס איז זעהר גרינג צוזאמענצושטעלען א בעשולדיגונגס־אקט און אין די ארגומענטען פאר׳משפט׳ן אזעלכע וועלכע זיינען אין אמת׳ן גאר ניט שולדיג און קענען ניט צוגערעכענט ווערען צו די אנגעקלאגטע.

וואס מיך אינטערעסירט אין זיין ארטיקעל איז די קאלט־בלוטיגקייט מיט וועלכע ער לייגט אוועק זיין רעוואלוציאנערע איינבילדונגס־טעאריע און נעמט אריין די אומשטענדען דא אין לאנד אונטער זיין אנאליז אהן „רעזערוויישאנס“ און מאכט קיין אונטערשיעד צווישען אמעריקא און, לאמיר זאגען, רוס־לאנד.

דער וויכטיגסטער פונקט איז נאך מיין מיינונג דער, וועלכער איז דער שעדליכסטער אין דעם גאנצען סכסוך וואס עס קומט יעצט פאר צווישען די סאציאליסטישע פארטיי און די זאגענאנטע קאמוניסטישע פארטיי פון אמעריקא, איז פאלגענדער:

„די ראדיקאלע סאציאליסטען באטראכטען די איצטיגע היסטארישע עפאכע פאר א איבערגאנגס־פעריאדע צו סאציאליזם. זיי בא[..]הויפטען, אז דער באנקראט פון דער קאפיטאליסטישער ארדנונג [..]עט נאך־דער מלחמה איז דער פאסענדסטער מאמענט פאר שריטע צו פארווירקליכען סאציאליזם. איינפיהרען סאציאליזם קען מען ניט דורך רעפארמען, עס הייסט מיט דער הילפע פון בירזשואזען [..]מאאס, נאר, אין געגענטייל, דורך די באזייטיגונג פון דעם שטאאט, עס הייסט דורך די פארניכטונג פון דער הערשאפט פון קאפיטאליסטישען קלאס איבער׳ן ארבייטער קלאס. אפשאפען די דיקטאטור (הערשאפט) פון קאפיטאליסטישען קלאס וועט ניט די זאגענאנטע „דעמאקראטיע“, וועלכע פיהלט זיך באקוועם אין שויס פון קלאסען־הערשאפט, נאר דער פראלעטאריאט, דורך זיין דיקטאטור אין דער געזעלשאפט. די דיקטאטור קען דער פראלעטאריאט ער־אבערען ניט דורך כמעט אויסשליסליך פארלאמענטארישע טעטיגקייט, נאר דורך א רעוואלוציאנערען קלאסען־קאמף, דורך מאסען־אקציאן.

לויט דיזען „אני מאמין“ איז איצט דער פאסענדסטער מאמענט צו פערווירקליכען דעם סאציאליזם.

עס פרעגט זיך: „לעבען מיר אין אמעריקא אין דיזען פאסענדען מאמענט? בורגין מיינט אז יא, אז דא זיינען מיר אויפ׳ן שוועל פון א סאציאלע רעוואלוציאן, אז דא איז געקומען דער פאסענדער מאמענט, נאר די „מעסיגע“ סאציאליסטען שטעהען אין וועג.

ווען מארקס וואלט אויפשטעהן פון קבר און לעזען אזעלכע ארטיקלען, וואלט ער געזעהן פאר זיך די פעריאדע פון באקונין און פרודאן, וועלכע ער האט באקעמפט מיט זיין גאנצער קראפט.

ווי עס ווייזט אויס גלויבען די קאמוניסטען אז דעם ארבייטער קלאס דארף מען נאר ניט האבען צו ענדערען דעם סיסטעם פון קאפיטאליזם אויף סאציאליזם. מען דארף נאר אנשרייבען אויף פאפיער, אז מיר לעבען אין א רעוואלוציאנערע איבערגאנגס־פעריאדע, און מען דארף צוברעכען דעם שטאאט אנשטאט פערכאפען דעם שטאאט, און דער „דזשאב“ איז געמאכט.

לויט דער טעאריע דארף מען איגנארירען די פינף מיליאן ארגאניזירטע ארבייטער פון אמעריקא פון וועלכע מיר שעפען אינזער סאציאליסטישע יניקה און אהן וועלכע דער סאציאליזם קען ניט האבען א קיום. מען דארף נאר רעדען און שרייבען וועגען א רעוואלוציאנערע איבערגאנגס־פעריאדע, וואו מען דארף נאר האבען אן אגרעסיווע מינאריטעט און די גרויסע מאיאריטעט וועט שוין מיטגעהן. זיי דארפען ניט דעם שטאאט, זיי דארפען ניט דעם פארלאמענטאריזם, זיי דארפען בלויז א מאסע. — וואס פאר א מאסע? ווער איז די מאסע? וואס וויל די מאסע? פון וואנען קומט די מאסע? וואס זיינען איהרע ציעלען, וואו וועלן זיי נעהמען די מאסע, ווען די מאסע געהערט צו דער אמעריקאן פעדערישאן אוו לייבאר און וויל ניט וויסען פון די קאמוניסטען? דאס זיינען אלץ קלייניגקייטען, נארישקייטען פאר אזעלכע ווי בורגין.

ווי גרינג ער זאגט זיך אב די געדאנקען „אפשאפען די דיקטאטור פון קאפיטאליסטישען קלאס וועט ניט די זאגענאנטע דעמאקראטיע, וועלכע פיהלט זיך בעקוועם אין שויס פון קלאסען־הערשאפט, נאר דער פראלעטאריאט דורך זיין דיקטאטור אין דער געזעלשאפט. די דיקטאטור קען דער פראלעטאריאט עראבערען נ י ט ד ו ר ך כ מ ע ט אויסשליסליך פארלאמענטארישע טעטיגקייט, נאר דורך א רעוואלוציאנערען קלאסען־קאמף, דורך מאסען־אקציאן“.

עס פרעגט זיך אבער, וואס טוט מען, אז דער ארבייטער־קלאס איז נאך זעהר ווייט דערוויל פון צו וועלען ווערען דער דיקטאטירענדער קלאס? וואס טוט מען אין אזא לאנד ווי אמעריקא, וואו די ארבייטער פיהרען נאך ניט אן קיין רעוואלוציאנערען קלאסען־קאמף? וואס טוט מען, אז די רעגירונג ערקלערט גאר די, וואס רעדען פון דיקטאטור פון פראלעטאריאט פאר מענשען וואס ברעכען דעם געזעץ און שיקט זיי אין דזשייל, פארבאט צו רעדען, שרייבען און פארזאמלען זיך וועגען דעם? וואס טוט מען וועגען דעם וואס די ארבייטער גופא זיינען אזוי צוטיילט עקאנאמיש און פאליטיש אז זיי באקעמפען זיך איינע די אנדערע ווי די ביטערסטע שונאים און עס איז ניטא קיין האפנונג זיי צוזאמענצופיהרען אויף אן איינינונגס־פונקט?

עס איז זעהר גרינג צו געבען רעוואלוציאנערע פארשריפטען ווי אזוי צו פערכאפען די מאכט, צוברעכען דעם שטאאט און — א סוף צו אלע צרות. אבער ניט ווי עס רעדט זיך, טוט זיך — זאגט א גלייכווערטעל.

עס איז אמת: עס ענטוויקעלט זיך אונצופרידענהייט אין די רייהען פון די אקטיווער ארבייטער אין דער בעוועגונג. אבער די ריכטונג וועלכע דיזער גייסט נעהמט איז גראדע א פארקעהרטע ווי די קאמוניסטען ווילען.

די אמעריקאנער ארבייטער באוועגונג, אהן וועלכע קיין פאליטישע באוועגונג קען ניט האבען קיין שום האפנונג אויף ערפאלג, געהט אין דער ריכטונג פון פארלאמענטאריזם, פאליטישע אקציאן. דורך לעגאלע, קאנסטיטוציאנעלע און געזעצליכע וועגען; און נאר אויף דיזע וועגען, וועט מען אין אמעריקא האבען ערפאלג צו ענדערען דעם פונדאמענט פון אונזער רעגירונגס סיסטעם.

די אָרגאַניזירטע אַרבּייטער ריידען יעצט פון קריגען קאָנטראָל פון דער רעגיערונג און דעם שטאַאַט און אויסנוצען דיזע מאַכט צו ענדערען דעם סיסטעם. אָבער זיי ווילען ניט וויסען, און זיי זיינען אינסטינקטיוו לאָגיש און גערעכט וואָס זיי ווילען ניט וויסען פון אַ טאַקטיק, וועלכע איז געבויט אויף פאַלשע שלוסען, וואָס איז די טאַקטיק פון די פאַרפיהרטע, פאַרבלענדעטע רעוואָלוציאָ . . . ראָמאַנטיקער.

אין דעם מאָמענט ווען די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי וואָלט זיך שטעלען אויף אַזאַ שטאַנדפּונקט, הערט זי אויף צו עקזיסטירען אַלס פּאַרטיי אין אַמעריקאַ; עס וועט זיין אַ סעקטע פון מענשען, וועלכע שטערען די רעוואָלוציאָנערע ענטוויקלונג פון אָרגאַניזירען דעם אַרבּייטער קלאַס. אַזוי גיך ווי אַ פּאָליטישע פּאַרטיי ערקלערט אַז פּאַרלאַמענטאַריזם און קאָנסטיטוציאָנעלע מעטאָדען זיינען באַנקראָט, אַזוי גיך איז דיזע פּאַרטיי באַנקראָט און ווערט געשטעלט פון דעם הערשענדען קלאַס אויסער'ן געזעץ. די פּאַרטיי מוז פון דאָס ניי אָנפאַנגען קעמפּען פאַר אַט די דעמאָקראַטיע וועלכע זיי פאַרלאַכען און בעשפייען אַזוי אָפט.

לויט דער טאַקטיק פון די קאָמוניסטען דאָ אין לאַנד בלייבט דאָך קיין אַנדער אויסוועג ווי געוואַלד. וואָרום וואָס בלייבט אונז צו טאָן, אויב פּאַרלאַמענטאַריזם איז אַן אוּנמעגליכער מיטעל? וואָס בלייבט אונז צו טאָן אויב דער איינציגער וועג פון דעם אַרבּייטער'ס באַפרייאונג איז — פאַרניכטען דעם שטאַאַט און איינפיהרען די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט? עס בלייבט צו מעסטען כחות צווישען די אַרבּייטער (ווען מען האָט שוין די אַרבּייטער) און דעם קאַפּיטאַליסטישען קלאַס.

זאָגען די קאָמוניסטען: מאַסען־אַקציאָן. וואָס איז דאָס אַזוינס? אַ גענעראַל סטרייק? וואָס טוט מען אַז די אָרגאַניזירטע אַרבּייטער גלויבען אין דעם ניט און ווילען פון דעם ניט וויסען? נאָר צוגעבענדיג, אַז זיי וועלען שוין יאָ סטרייקען פאַר אַ פּאָליטישע טראַנספאָרמאַציע און פאַר דער פאַרכאַפּונג פון דער מאַכט צו צוברעכען דעם שטאַאַט? וועלען די קאַפּיטאַליסטען זיצען מיט פאַרלייגטע הענד און קאָזען בורגינען אויסקלייבען די קאָמיסאַרען און דיקטאַטאָרען איבער זיי? צו וואָס האָבען זיי, די קאַפּיטאַליסטען, אַן אַרמעע, פּאָליס, דזשאַנדזשעס און דזשיילס? זיי האָבען עס אין זייער קאָנטראָל און זיי האָבען דיזען קאָנטראָל געמאַכט געזעצליך מיט דער צושטימונג פון אַט די מאַסען וועלכע די קאָמוניסטען רופען צו מאַסען־אַקציאָן — און זיי געהען ניט.

דער הערשענדער קלאַס איז קליגער פון דעם אַרבּייטער קלאַס, ער איז מעהר קלאַסענבּאַוואוסט. די אַרבּייטער, אפילו די קלאַסענבּאַוואוסטע, קעמפען צווישען זיך און זוכען צוש... טערט אין סעקטעס און גרופּען און יעדע גרופּע האָט אַן א... גענע תורה, וועלכע וועט ברענגען די גאולה. די לאַגע דאָ א... לאַנד איז הימעל ווייט פון דאָס, וואָס בורגין זעהט. איך ב... טראַכט זיין טעאָריע און זיין אַגיטאַציע גראָדע אַזוי שעד... פאַר די אַרבּייטער, ווי נאָסקע'ס האַנדלונגען אין דייטשלאַ... ביידע עקסטרעמען האָבען ניט די אויסזיכטען פון די אַרבּייט... ווען עס איז צו קומען צו זייער באַפרייאונג. ספּעציעל ... אין לאַנד, וואו דער קאַפּיטאַליזם איז אַזוי מעכטיג און ענ... שלאָסען אָנצוהאַלטען די מאַכט און איז פּאַרטיג צו דערטרי... קען אין בלוט די אַרבּייטער באַוועגונג דורך איינענע פּראָוו... צירטע „רעוואָלוציעס" כדי אָבצושטעלען די ענטוויקלונג פ... אַרבּייטער קלאַס אויף, דעם באָדען פון קלאַסענקאַמף, דאָ א... לאַנד, אין דער צייט ווען די צאָהל פון קלאַסען־באַוואוסט... אַרבּייטער איז אַזוי מיזעראַבעל קליין אין פאַרגלייך מיט ... צאָהל וואָס איז דאָ אין לאַנד, — דאָ אין לאַנד איז נאָר מעגל... פאַר רעוואָלוציאָנערע סעקטאַנטען צו רעדען וועגען „אַ פּונק... ווען עס איז מעגליך איינצופיהרען סאָציאַליזם". עס אין ד... וואָלוציאָנערע ראָמאַנטיק; עס איז די איינבילדונג פון פאַ... בלענדעטע מענשען וועלכע זיינען בעאיינפלוסט פון אַנדער... אומשטענדען, פון אַן אַנדער לאַנד, אומשטענדען וועלכע זיינ... דערווייל ניטאָ.

דאָ אין לאַנד מוז מען אָנפיהרען אונזער אַגיטאַציע או... אַ לעגאַלען, קאָנסטיטוציאָנעלען וועג, דורך די דעמאָקראַטיש... אינסטיטוציעס וועלכע מאַכען מעגליך פּאַרלאַמענטאַרישע ט... טיגקייט און עקאָנאָמישע אַקציאָן.

ווען דער הערשענדער קלאַס וועט פון אונז דיזע מיטל... נעהמען, ווען דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס וועט זיך שטעל... אויף דער זייט פון דער קאָמוניסטישער לאָגיק, ווען די קאַפּיט... ליסטישע הערשער וועלען פון אונז רויבען די פרייהייט ... שרייבען, ריידען, זיך פאַרזאַמלען און ערוועהלען אונזערע פאַ... טרעטער אויף אַ געזעצליכען קאָנסטיטוציאָנעלען וועג, דאַן וו... לען די קאָמוניסטען בלייבען הינטערשטעליג און ניט אין גאַ... צען גערעכט. איך דאַן וועלען מיר, מוזען פריהער פאַר אַ... קעמפען צוריק צו קומען צו דער מדרגה פון צוריק שטעלען ... דעמאָקראַטישע און קאָנסטיטוציאָנעלע פאַרזיכערונגען וועלכ... די קאָנסטיטוציאָן פון לאַנד האָט אונז געגעבען. איך דאַ... וועלען די קאָמוניסטען ערשיינען אַלס סעקטע וועלכע איז אָ... געריסען פון דער גרויסער אָרגאַניזירטער אַרבּייטער באַוועגו... פון לאַנד, דערפאַר וואָס זיי זיינען ניט געוועזען קיין אמת'ע ... טייל פון דער אַמעריקאַנער אַרבּייטער באַוועגונג און קענען ני... בעגרייפען איהר היסטאָרישען גאַנג.

---

# פאַר מיין הרוב לעבען

פון אַרטור עסעלין.

און אַראָפּ וועט זיך קייקלען אַ טרער פון מיין אויג,
און פּלאַצען אויף אייערע הילען,
און וועט זיך צעשטראָמען אין בריהענדען סם
און וועט זיך דורך דורות ניט קיהלען.

און אַרויס וועט זיך רייסען אַ פלוך פון מיין קעהל,
ווי קנאַלענדע ראַוואַ — מיין צאָרען:
דער האַס וואָס איהר האָט אין מיין האַרצען פאַרזייט,
מיין לעבען וואָס איז חרוב געוואָרען.

און אויפהויבען וועל איך אויף אייך מיינע הענט
מיט גבורה, ווי שמשון הגבור...
אויב כ'קען אייך ניט ליעבען ווי ברידער ביים לעבען,
אין שטאַרבען מיט אייך, מיר שוין ליעבער...

# גרויזאַמע צייט

פון ל. לעווית

מען רעדט, נור וואָס מענשען פערגיגען זיך רעדען,
קען מען אין דרויסען ניט בעריהרען;
מען טראַכט, אָבער ווער קען דערגעהן וואָס עס טהוט זיך
טיעף אין דעם מענשענס געהירן?

מען שרייבט, אָבער ס'קומט גאָר אַרויס עפּעס אַנדערש,
נו, דאָס איז דאָך שוין אַ כלל גדול;
מען טהוט, נאָר ס'וואָלט בעסער געווען ווען מען טהוט ניט,
וואָלט מען פערשפּאָרט כאָטש די נאָדעל!

אָך, שרעקליכע צייטען, פון בלוט און פון טרערען!
קיין מוט וואָלט געבליבען צו לעבען;
ווען ס'וואָלט ניט געבליבען די איינציגע טרייסט אונז —
אַז ערגער פון דעם קען ניט געבען!

בערטא פיסאר:

# אויפ'ן שוועל פונ'ם קעמפיין

...די קומענדע פרעזידענט־וואהלען אין אונזער לאנד וועלען ...פען געבען אן ענטפער אויף א רייהע פראגען, נאציאנאלע ...אינטערנאציאנאלע, וועלכע ריהרען אן דעם פונדאמענט ...אונזער קאנסטיטוציע און נאציאנאלע טראדיציעס. דער ...ענער ענטפער וועט בעשטימען דעם וועג פון אונזער ווייּ...ער נאציאנאלער ענטוויקלונג. אדער מיר וועלען געהן ...ועג־טס אן אויפהאלטען אונזער היסטארישען פלאץ אלס ...נגער פון פרייהייטס־געדאנקען, אדער מיר וועלען געהן ריקּ...טס. מיר לעבען יעצט אין א צייט ווען שטעהן אויף איין ...ט אין אונמעגליך. געהט מען ניט פאראויס, דאן מ... ...נעהן צוריק.

אין אונזער אינטערנאציאנאלער פאליטיק פלאנטערט זיך ...טער די פים די פראגע פון דער „ליעג אוו ניישאנס", וויל...'ס ...יעבלינג, א פראגע, וועלכע איז געוועזען דער עט...ין, אן ...כע עם זיינען צושמעטערט געווארען זיין גרויסקייט און ...ישע קאריערע. דיעזע פראגע איז פון גרוים וויכטיגקייט ...בעצייכענט א נייע ריכטונג אין אונזער אויסלענדישער ...יטיק. ביז אהער האבען מיר געפאלגט הייליג די צוואה פון ...עזידענט וואשינגטאן, וועלכע האט אין יאהר 1823 זיך אויס־ ...דריקט אין דער באוואוסטער „מאנראו דאקטרין", און מיר ...בען זיך אבסאלוט ניט געמישט אין די אנגעלעגענהייטען ...אייראפא. מיט דער גרינדונג פון דער „ליעג אוו ניישאנס" ...רינגט זיך די עפאכע פון דער „מאנראו דאקטרין".

...די נעקסטע אויסלענדישע פראגע איז אונזער באציהונג ...דער סאוועטען רעגיערונג אין רוסלאנד. אויף דיזער פראגע ...ט שיין ווילסאן לאנג געזאגט, אז זי איז דער „עסיד טעסט" ...דער וועלט־פאליטיק, דאס מיינט, אז פון דער בעציהונג צו ...די סאוועטען רעגיערונג וועט זיך ארויסצייגען ווי ווייט אמת ...מאקראטיש עם זיינען די אליאירטע לענדער, און דיעזער ...בט האט מאקע באוויזען ווי מיר זעלבסט זיינען אוועק פון ...זערע אמאליגע שעהנע טראדיציעס. ביז צום הייננטיגען ...ג האבען מיר נאך קיין שום באשטימטע פאליסי אין בעצוג ...רוסלאנד. אין דיזער הינזיכט שלעפען מיר זיך נאך דעם ...יגוואגען פון ענגלאנד. עם פראטעסטירען ביי אונז די ליבער־ ...אלען, די ארבייטער; עם פראטעסטירען זאגאר ביזנעסלייט, ...מיר שטעסען נאך אלץ ווי אין א זומפ. מיר האנדלען נאך ...ניט מיט רוסלאנד. מיר אנערקענען נאך אלץ ניט די „באל־ ...עוויקעס".

אין אונזער אינערליכען לעבען באגעגנען מיר, ערשטענס, ...יקרות־פראגע. עס איז ניט די פראגע וואס פרייזען האא־ ...ען נעשטיגען, נאר וואס זיי שטייגען אונאויפהערליך. ...פיל די ארגאניזירטע ארבייטער, וועלכע קאנען אויסקעמפען ...העכערע וויידזשעס, זיינען נים אימשטאנדע צו אניאגען דעם ...רות. די פראפיטירונג־מגפה האלט אין איין וואקסען און ...ארשפרייטען זיך.

...קומט די פראגע פון צוריקגעווינען אונזערע בירגער־ ...רעכטע. דורך דער צייט פון דער מלחמה האט מען אונז באַ־ ...רויבט אלע אונזערע פרייהייטען און מען האט זיי אונז נאך ...ניט אומגעקערט. צוויי פארטייען, די קאמוניסטישע און ...קאמוניסט ליבאר פארטיי, זיינען ערקלערט געווארען אומגעזעצ־ ...ליך, און עם האלט דאביי, אז אין אזא סטייט ווי נויארק זאל ...זיך די סאציאליסטישע פארטיי ניט אנערקענט ווערען פון ...געזעץ.

...אין אין דער ארבייטער וועלט ווערט פון איין זייט שטאר־ ...ער די פאדערונג פון די ארבייטער צו בעטייליגען זיך אין דער ...פערוואלטונג פון דער אינדוסטריע. דיזע פאדערונג דריקט זיך אוים ביי די אייזנבאהן ארבייטער אין דעם באוואוסטען פון פראפיטירערס. נעקסט קומט וויליאם ג. מעקאדו, דער

„פלאמב־פלאן" און ביי די מיינערס אין דער פאדערונג צו נאציאנאליזירען די מינען. און פון דער אנדערער זייט פלא־ נעוועט די קאפיטאליסטישע וועלט, צו בארויבען די ארבייטער פון דאס רעכט צו סטרייקען ווען, ווי זיי דריקען זיך אוים, דער סטרייק איז נעגען די אינטערעסען פון דעם פובליקום.

און אט רוקען זיך אן די וואהלען פון יאהר 1920, און מיט אומגעדולד ווארט מען אויף דעם ענטפער וואס זיי וועלען געבען צו די אויבען דערמאנטע פראגען.

מען האט געקאנט דענקען, אז אין אזא שווערער און פאר־ אנטווארטליכער צייט וועלען זיך ניט געפינען קיין סך בעלנים אויפ'ץ פרעזידענט־טשער, ערשט עס פעהלט ניט דער מין. די „ניו־יארק וואירלד" באמערקט; אז עס זיינען קיינמאל ניט געוועזען אין אנפאנג פון קאמפיין אזויפיעל „ענטרים" ווי דיעזען יאהר, איבערהויפט פון דער רעפובליקאנער זייט. פון די רעפוב־ ליקאנער האט דער ערשטער „ארייננעווארפען זיין העט אין רינג" סענאטאר מיילס פאינדעקסטער פון וואשינגטאן סטייט, א קליין מענשעלע, באוואוסט אלס א פיינד פון ראדיקאלען. נאכהער קומען: סענאטאר ווארען ג. הארדינג פון אהייא; גאווערנאר פרענק פ. לאודען פון איללינאי (א געוועזענער „פור באי", באוואוסט אלס דער „ביזנעס־מען" קאנדידאט); הענרי דזש. עללען, גאווערנאר פון קענזעס (האט מיטגעהאלפען ברע־ כען דעם מיינער'ס סטרייק אין זיין סטייט); גאווערנאר קאל־ ווין קולידזש פון מאסס. (באוואוסט אלס דער „געזעץ און ארד־ נונג" קאנדידאט, דער ברעכער פון דעם בארימטען פאליסמען סטרייק אין באסטאן); מיידזשאר דזשענעראל לעאנארד וואוד (רוזוועלט'ס א בוזים פריינד, געוועזענער טשיעף אוו סטעף, געוועזענער אדמיניסטראטאר אין קובא און פיליפינס, מיטגע־ האלפען ברעכען דעם מיינער'ס סטרייק אין אמאהא און גערי, אן אנהענגער פון אלגעמיינער מיליטער־דיענסט), און היראם דזשאנסאן פון קאליפארניא (א פראגרעסיווער רעפובליקאנער). פון אט די אלע קאנדידאטען איז גענעראל וואוד פיליכט דער שטארקסטער, ווייל זיין נאמען האט זיך לענגער געווארפען דעם עולם אין די אויגען. מאכט איהם אבער קאליע זיין מי־ ליטערישער מונדיר. דער עולם, דענקט מען, גלייכט ניט קיין סאלדאט. דעריבער איז עס אזוי שנעל אבגעשטארבען דער בום פון גענעראל פערשינג. וואוד'ס קאמפיין מענעדזשערס האבען פאטאגראפירט זייער קאנדידאט אין ציווילע קליידער און מען האט אונטערגעשריבען „מיסטער" לעאנארד וואוד. אט דאס בילד נעהט מען באנוצען אין קאמפיין און מען דענקט, אז עס וועט זיין א גרויסע סגולה. אויב עס וועלען בלאזען פרייערע ווינטען, דאן וועט היראם דזשאנסאן פארנעהמען דעם אויבען־אן. עס וועלען אויך דערמאנט ווערען די נעמען פון טשארלס יוז, סענ. באראה, לאדזש און זאגאר דער „בלאנדער" פארשוין פון סיאטעל, אלע הענסאן.

פון דער דעמאקראטישער זייט זיינען ניטא אזויפיעל קאנ־ דידאטען, ווייל ביז איצט האט נאך ווילסאן ניט ערקלערט אפי־ ציעל אז ער וועט ניט לויפען, אבוואהל מען איז זיכער, אז ער וועט אזא נארישקייט ניט באגעהן, ווייל ער וואלט דורכגעפאלען מיט א קראך. פארלויפיג האט „ארייננעווארפען זיין העט" דזשיימס וו. גערארד, געוועזענער אמבאסאדאר אין בערלין איי־ דער מיר זיינען אריינגעטראטען אין דעם קריעג — אן אומ־ באדייטענדע פערזאן. אלס קאנדידאט רעכענט זיך פארלויפיג מיטשעל פאלמער, געוועזענער „אויפזעהער איבער דעם איינגע־ טהום פון די „פרעמדע" אין דער צייט פון קריעג און איצטיגער אטארני דזשענעראל, וועלכער איז געווארען בעריהמט לעצטענס אלס דער „כאפער" פון די „רויטע" און אלס דער „קעמפער"

איידים פון פרעזידענט, באוואוסט אלס דער בילדער פון די טונעלס, וועלכע פארבינדען מענהעטען איילענד מיט ניו־דזשוירזי, געוועזענער סעקרעטערי אוו טרעזשורי און דירעקטאר־דזשענעראל פון די ריילראודס. דער פאקט וואס ער איז ווילסאן'ס איידעם איז זיין שוואכע זייט. אלס זיין שטארקע זייט רעכענט זיך דער פאקט וואס פארוואלטענדיג די ריילראודס האט ער אזוי פארוואלטעט, אז דער עולם האט זיך איבערצייגט אז פריוואט־אייגענטום איז פיעל בעסער ווי שטאאטס־אייגענטום. מעקאדו האט ניט ערקלערט זיין קאנדידאטור, אבער זיינע אנהענגער פארזיכערען, אז אויב מ'וועט אויף איהם אויפצווינגען, וועט ער ניט זיין איינגעשפארט. עס ווערען אויך געמאלדען דער נאמען פון דזשיימס מ. קאקס פון אהייא, א דעמאקראט פון ברייען'ס שניט. קיינער דענקט ניט, אז ברייען וועט „לויפען". מען גלויבט, אז ער וועט זיך צופרידענשטעלען האמיט וואס ער וועט זיין דער באס פון דער קאנווענשאן צו נאמינירען קאנדידאטען אין סאן־פראנציסקא.

עס איז דא נאך א קאנדידאט, וועלכער איז אין גאנצען א רעטעניש. מען ווייס ניט אויף וועלכען טיקעט ער וועט לויפען. אפיציעל איז ער ניט פארבונדען מיט קיינער פון די צוויי הערשענדע פארטייען, אבער ביידע וואלטען איהם גערן האבען אלס זייער באנער־טרעגער. ער אליין איז ארוים מיט אן ערקלערונג, אז ער איז ניט קיין קאנדידאט, אבער זיין בום איז שטארקער פון אימעצענס אנדערש, און פיעלע בעטראכטען איהם אלס אונזער צוקינפטיגען פרעזידענט. דיזער קאנדידאט איז אונזער „שפייזער" הערבערט הואווער (מיינינג אינזשיניר). געגען איהם ווערט אויסגעזעצט דער פאקט וואס ער האט פארבראכט זיינע בעסטע יאהרען אין ענגלאנד און אויך דער פאקט וואס מען ווייס ניט צו וועלכער פארטיי ער באלאנגט. זיינע אנהענגער באהויפטען, אז קיינער ווי הואווער איז ניט אזוי גוט באקאנט מיט די עקאנאמישע און פאליטישע צושטענדע אין אייראפא. די ערשטע צו ארויסטרעטען פאר איהם עפענטליך איז געווען די דעמאקראטישע „ניו־יארק וואירלד". פאר איהם איז אויך דער ליבעראלער זשורנאל די „ניו־רעפובליק". דער אופן, ווי אזוי דער לעצטער אגיטירט פאר איהם איז כאראקטעריסטיש. הואווער, זאגט ער, וועט מ.ו.ז.ע.ן זיין א ליבעראל, ווייל נאר א ליבעראלע פאליסי איז פ ר א ק ט י ש, און הואווער איז א פ ר א ק ט י ש ע ר מענש". „די ארבייטער וועלען אין איהם ניט געפינען א סענטימענטאלען פריינד, אבער אויך ניט א פארביסענעם פיינד". „ער יווערט שנעלער פארציטערט פון דעם רויטען טעראר אין רוסלאנד און אונגארן ווי פון דעם ווייסען טעראר אין פינלאנד און אונגארן. די „ניו יארק קאלל" דענקט. אז הואווער וועט זיין ווילסאן אין א צווייטער אויפלאגע.

אין וואס וועט באשטעהן דער קאמפיין־רוף פון די צוויי הערשענדע פארטייען?

צום אנפאנג האט־מען געמיינט, אז דער קאמף וועט זיך קאנצענטרירען ארום דער „ליעג אוו ניישאנס". ווי עס ווייזט זיך אבער ארוים, וועט די טריטי ראטיפיצירט ווערען נאך פאר די עלעקשאנס. אין דער צייט פון דער „רויטער" היסטעריע און דעם פאליס סטרייק אין באסטאן האט מען גערעכנט ערווארטען, אז „לאו און ארדער" וועט זיין דער שלאגווארט. אין אבער די היסטעריע לעצטענס אבגעשוואכט געווארען. פון דעם רעפובליקאנעם לאגער האבען מיר שוין א „סעמפעל" פון דער פלאטפארמע. דעם 20־טען פעב. איז אבגעהאלטען גע־ווארען די רעפובליקאנער סטייט קאנווענשאן פון ניו־יארק סטייט וואו עליהו רוט, דער טאן־געבער פון דער פארטיי, האט באצייכענט די הויפט־שטריכען פון דער פלאטפארמע. די וויכטיגע פונקטען זיינען פאלגענדע: עקאנאמיע, דאס מיינט, די דעמאקראטישע פארטיי איז צו פארשווענדעריש, און די רעפובליקאנער וועלען זיין מעהר עקאנאמיש (אלס מוסטער קאן דיענען די עקאנאמיע פון דער רעפובליקאנער אסעמבלי פון ניו־יארק סטייט); די באגרענעצונג פון דאס רעכט פון ארבייטער צו סטרייקען ווען דער סטרייק איז געגען די אינטערעסען פון דעם פובליקום; די אבשאפונג פון אלע באגרענעצונגען און

עקסטרא טעקסעס פון דער ב י ז נ ע ס וו ע ל ט; די א
קערונג פון די ריילראודס צו זייערע בעלי בתים; די א
פיהרונג פון אלגעמיינע מיליטער־דיענסט; די פארשטארק
פון די אימיגראציאנס־געזעצע און די איינפיהרונג פון א יע
ליכער מעלדונג און פארשרייבען זיך פון יעדער אימיגראנ
אויף דיזער פלאטפארמע זאגט די „ניו־יארק סאן" אז דאס
א גרויסער דאקומענט.

וועגען דער פראגע פון יקרות האט גענעראל וואוד
קלערט צום „גלאוב" קארעספאנדענט, אז די הויפט אורזאכ
באשטעהען אין דעם וואס מ'געבריכט צו פיעל
מ'פראדוצירט צו ווייניג. און זיין רפואה איז, אז מ'זאל א
ביטען און שפארען. מר. הואווער גיט צו נאך אן אורז
דאס וואס דער דאלער איז צו ביליג, און ער שלאגט ניט פ
קיין מיטעל ווי אויפצוהויבען זיין ווערט.

די דעמאקראטען האבען נאך ניט ארויסגעטראטען מ
זייער פלאטפארמע. ווי עס שיינט, וועלען זייערע קאנדידאט
לויפען אויף זייער אלטען רעקארד, וועלכער איז פאר זיי
נענוג און פאדערט קיינע אויסבעסערונגען.

אבער דיזע פארטייען זיינען ניט די איינציגע אויפ'ן פ
ליטישען פעלד. אויסער דער סאציאליסטישער, וועלכע מא
דורך דיזען יאהר א שווערען קריזיס צוליב די פארפאלגונג
פון דער פעדעראל און פיעלע סטייט רעגירונגען און צוליב ד
שפאלטונג וואס איז פארגעקומען אין איהרע אייגענע רייה
מיט איהר קומענדען ווארשיינליכען באנער־טרעגער אין פ
זאן — אויסער דיזע דריי פארטייען וועלען מיר דיזען יא
האבען נאך 2 פארטייען, וועלכע קלייבען זיך רופען קאנוע
שאנס אויף צו נאמינירען א נאציאנאלען טיקעט. איין ק
ווענשאן וועט בארופען ווערען פון דער זאגענאנטער „קאמי
פון 48", וועלכע האט געהאט איהר גרינדונגס קאנווענשאן א
סט. לואיס ענדע פון לעצטען יאהר. דיזע פארטיי נעכ
ארייין אין זיך אונזערע אמעריקאנער ליבעראלען. צוויש
איהרע מיטגלידער געפינען זיך אזוינע פערזאנען ווי איימא
פינטשאט, נעלן פלאמב און באזיל מענלי. פיעלעס קאן מ
ניט ערווארטען פון דיזער פארטיי. זיי מיינען גוט, אבע
דאבלי וועט עס בלייבען. אויב עס וועלען לויפען פאר
אלטע פארטייען אזעלכע מענער ווי חיראם דזשאנסאן אד
הואווער וועלען די ליבעראלען ווארשיינליך איהם אינדארסע
יעדענפאלס, וועט זיך דיזע פארטיי מסתמא צוטוליען צו
צווייטער פארטיי.

א וויכטיגען פלאץ וועט פארנעמען און פון מעהר די
ערנדער באדייטונג וועט זיין די „לייבאר פארטיי", וועלכע א
געגרינדעט געווארען ענדע לעצטען יאהר אין שיקאגא מיט מאה
היים פון קליוולאנד אלס איהר נאציאנאלער טשערמאן א
ערנסט באהם פון ניו־יארק אלס סעקרעטער. דיזע פארט
ווערט געגרינדעט טראץ די אפאזיציע פון גאמפערסען און ז
אפיציעלע פעדערײשאן. די פעדערײשאן האט גאר ניט גע
לערנט און גאר ניט פארגעסען. זי נעהמט אויך אין פאליטיק
ניט מיט דעם צוועק צו ערוועהלען אייגענע פארשטעהער, נא
אום צו „באלוינען" די פ ר י י נ ד פון צווישען די אלט
פארטייען און באשטראפען די פ י י נ ד ע, א לעבעדיג
און נוצלאזע פאליטיק. ווי עס זעהט אויס, וועט אבער ד
רענק און פייל ניט נאכגעהן זייערע פיהרער. זיי האבען שוי
גראדע יע עטוואס געלערנט פון דער ביטערער ערפארונג. דע
שטאהל סטרייק איז ניט דורכגעפאלען אומזיסט. פאלמער'
אינדזשאנקשאנס אין דעם פארלארענעם מיינער'ס סטרייק הא
בען באוויזען וואס מ'קאן ערווארטען פון א דעמאקראטישע
אדמיניסטראציע. די האנדלונג פון די סוויטס אין אלבע
ניט א באנריף וואס מ'קאן ערווארטען פון די רעפובליקאנע
און די אומקעהרונג פון די ריילראודס צו זייערע פריוואטע אי
טערנעמער און די באציהונג פון קאנגרעס צו די אייזענבאן א
בייטער באווייזט וואס מ'קאן ערווארטען פון ביידע פארטייע
די ארבייטער אומעטום זיינען פארביטערט און ענטוישט. ד
לייבאר פארטיי האט גוטע אויסזיכטען פאר א גוטען אנהייב.

##  ...װי ליעב עס איז.. 

פון י. צדלער.

ליעב עס איז די לעצטע שעה פון טאָג
זײן
ט אירע אַלײן,
שטעהט אין טרױער א מעריב־בארג
ן פּורפּור־טרױם
פון השמשות שײן —
פיעל אין האַרץ עס נאָגט און נאָגט
שטילער פּײן...

קײליג איז די לעצטע שעה פון טאָג
דאַ;
ירען די סעקונדען גראָה... "
ילדע װונדערלאך קלינגען פון די פעלדער

ב לעבען װערט דאָ אזױ ליעב
האָב בענקען אױף טרױער;
רײט און טרױער זוכט זיך אױס
ליעבע פאַרען...

ט׳לאָגט זיך שטיל דער טרױם אײנער
ף זיך הױטען פױער־ברעג
ס׳ גיס׳עט אָפ דער טאָג...
ריפע װאָלקענדלאַך באַװײאַלט...
ט־ראַפּענס־יײן קיטט אָן די נאַכט

##  רעגען

פון יצחק ראָנטש.

פון רעגען גלאַנצט דער טראָטואַר,
ס׳פאַלט דער אָפּשײן פון לאַמטערן,
און קלינגענדיג לױפט דורך די קאַר,
כיט אן אטעם שװערען.
און די גאַסען אָפּגעלערט.
פּודות פיעל רױמט אײן דער רעגען
דער װײכער דורכגעװײקטער ערד —
און פאַרפּלײצט די װעגען.

---

אין װאַרפענדיג אַ בליק אױף דעם פּאָליטישען פעלד אַלס
גאַנצען, זעהען מיר אַז ביי די אַלטע פּאַרטײען װעט אַלעס
יבען „סטאַטוס קװאָ“, װי געװען. מען אױף דער שפּיצע
אינזער רעגירונג שטעהן װאָוד, דזשאַנסאָן אָדער האָװער.
איינציגער ליכטיגער שטראַל אין די קומענדע װאַהלען
ט זיין דער פאַקט װאָס די ארבײטער װעלען דיזען מאָל
ן צום שטימקאַסטען מעהר קלאַסענבאַװוּסט
זען עס איז פריהער אין דער געשיכטע פון די פאַראײניגטע
אאַטען.

פון דער רעדאַקציע: װעגען די אױסזיכטען פון דעם סאָ־
ליסטישען קאַמפּײן װעלען מיר האָבען אַ באַזונדערען אַרטיקעל
איינעם פון די קומענדע נומערען.

##  איך קום צו דיר... 

אַרטור עסעלין:

איך קום צו דיר נאָר זיסע רוה געפינען,
א שטומער, װאָלט איך זיצען אין דײן צימער,
אין שלומער פונ׳ם פאָספאָר־בלױען שימער,
פאַר דיר מײן לעצטען חלום צו דערשפּינען...

ניט לעפּסטערען די ליעבע אין דײן הארצען,
װאָס פינקעלט װי אַ ליכט אין דײנע אױגען;
א שװײגער, פאַר דיר זיך נידער־בױגען,
לײטערען מײן זינדיג קאָפּ, דעם שװאַרצען...

װאָלט גאָט זײן גרױסען חסד מיר באַשײדען,
א גליקליכער זײן היכל צו בעטרעטען,
מיט תפילות שטיל, פאַר אונז, דורך דיר, איהם בעטען,—
פאַלען װאָלט זײן ברכה אױף אונז בײדען.

— — — — — — — — — — — — — — —

קום איך נאָר מיט אױפגעפלאַמטע אױגען,
צינד אין שפּריץ מיט תאוה און קאַפּריזען
זידט אין קאָכט דאָס בלוט אין מײנע גליעדער...

װערט אין האַרץ אַ שלאַנג מיר אױסגעצױגען...
נאָר איך אױס דעם זאַפט פון דיר דעם זיסען,
טרינק דיך אױס און פאַל אַװעק אַ מיעדער...

##  אין האָפנונג 

פון מאַטעס ל.

אין דוח, אין פרישע לופט
און גוטע נאַרהאַפטע שפּײזען
ליעגט מײן לעבען, מײן בעגעהר.
פון זון־אױפגאַנג ביז שפּעט אין דער נאַכט
ליעג אױפ׳ן בעט אַליין און טראַכט:
אונהײלבאַר? —
װער װײס, אַ, װער?
דאָך,
װי האָפנונגספול איז נאָך דער לעבען,
װי גרױס איז דער בעגעהר,
נאָך אַמאָל, נאָך אַמאָל
געזונד,
אַ געזונד צו זײן.

אַ, שײן, דו זון, שײן, שײן!
שפּרײט דײנע האָפנונגספולע שטראַהלען,
ס׳איז נאָך דער לעבען ניט פאַרפאַלען;
מיר אױך —
קענען נאָך געזונד און גליקליך זײן—
מײן גאָלדענע זון, מײן, — שײן!

ערזשװאַטער, 1919.

מלכה טוזמאן:

# „אוים מאנסביל“ 1.

(א פסח'דיגע קינדער־מעשה'לע)

הערשעלע איז געווען א חדר־אינגעלע דעם ערשטען זמן. ער האט דעם אלף־בית נאך אפילו ניט געקענט, דאך האט ער זיך שוין געפיהלט צו זיין א גאנצער מענש, א מענש מיט פליכטען. ער האט שוין געדארפט אויפשטעהן גאנץ פריה און געהן אין חדר, ער האט געמוזט געהן מיט'ן טאטען אלע שבת אין שול, און נאך און נאך אזעלכע זאכען וואס געהערן צו א חדר־אינגעל.

געהענדיג מיט'ן טאטען אין שול האט זיך הערשעלע טאקע געפיהלט שטאלץ. אן אויסגעפוצטער און מיט'ן טאטענס טלית אונטער'ן האנט האט ער זיך עפעס געפיהלט אזוי גרויס, אט אזוי ווי זיין טאטע, און דערפאר האט הערשעלע אנגעהויבען נאכטאן אין דער שטיל אלעס וואס זיין טאטע האט געטאן. האט זיך דער טאטע געוואשען צום עסען און געמאכט „המוציא“ הויך אויפ'ן קול, האט זיך הערשעלע אויך געוואשען און אויך געמאכט המוציא“. האט זיך דער טאטע געגלעט די באָרד און אונטערגעבאמקעט עפעס אונטער דער נאז, האט זיך הערשעלע אויך געגלעט די מארדעלע און אויך געבאמקעט. איז דער טאטע ארומגעגאנגען הין און הער איבער'ן צימער, מיט די הענד פארלייגט אויף הינטען, האט הערשעלע אויך געטאן דאס זעלבע. ער איז געווען זיכער אז ער איז שוין א מאנסביל מיט אלע מאנסבילען צו גלייך. אבער ווי עס איז געקומען נעהנטער צו פסח האט ער זיך גענומען שרעקען: ער האט נאך ניט פארגעסען זיינע גרויסע צרות וואס ער איז אויסגעשטאנען פונ'ם שלאף פאראיאהרען צום סדר. ער, הערשעלע, עפנט די אויגען און דער שלאף האט זיך איינגעשפארט און האלט זיי אין איין פארמאכען. אומזיסט איז געווען הערשעלע'ס ראנגלען זיך מיט'ן שטארקען שלאף — ער איז איינגעשלאפען נאך פאר די כוסות, און אויף מארגען וען דער טאטע, א קניפ טאנדיג הערשעלען אין בעקעלע, האט געזאגט: „נו, הערשעל, ביזט איינגעשלאפען ביים סדר“, האט די מאמע אונטערגעכאפט: „וויים איך וואס, נאך גאר א קינד; איבעראיאהר, אז מיר וועלען דערלעבען, און הערשעלע וועט געהן אין חדר, וועט ער שוין זיצען ביים סדר גלייך מיט אונז“. הערשעלען האט טאקע פארדראסען אויף דער מאמען וואס זי האט איהם געמאכט פאר א קינד. וואס איז? האט ער זיך געטראכט, א גרויסען קען זיך דען ניט פארוועלען שלאפען? און אז דער טאטע לייגט זיך שלאפען אין מיטען בייטאג — איז וואס? איז ער דען א קינד? אבער היינטיגען פסח, האט זיך הערשעלע געטראכט, וועט ער שוין צו אזא שאנדע ניט דערלאזען. ער וועט זיך שטארקען און ניט דערלאזען דעם שלאף צו זיך. און אזוי איז עס טאקע געווען.

פסח איז געקומען! און צום סדר איז הערשעלע געזעסען מיט גדלות, מיט ברייט אפענע אויגעלעך האט ער נאכגעפאלגט דעם טאטענס יעדע באוועגונג, און אז עס איז געקומען צו חד גדיא איז שוין הערשעלע געווען זיכער אז ער האט געזיעגט, און אין די אויערלעך האט איהם געקלונגען: הערשעלע, הערשעלע, דו ביסט א מאנסביל, דו ביזט א איד!

דעם חד־גדיא האט דער טאטע איבערגעזאגט ווארט נאך ווארט אויף מאמע לשון און הערשעלען איז די מעשה זעהר געפעלען געווארען. און ביי דער נאכט האט זיך איהם גע־חלום'ט: ער האט געזעהן די ציגעלע; זי איז געווען אזא שעה־נינקע, און ער האט אויף איהר אזוי רחמנות געהאט, וואס די קאץ האט זי אויפגעפרעסען.

אויף מארגען פארנאכט פאר'ן צווייטען סדר האט זיך הערשעלע אנגעטראפען מיט זיין חבר חיים'קען און יענער האט איהם גלייך דערצעהלט פון א גרויסער ענטדעקונג וואס ער האט געמאכט: הויך איבער א פענסטער פונ'ם אלטען שטיבעל האט ער געפונען א נעסט מיט יונגע פייגעלעך וואס האבען נאך

ניט קיין פעדערלעך און קענען נאך ניט פליהען. „קום,
חיים'קע, איך וועל דיר ווייזען“.
אז הערשעלע האט ארויפגעקלעטערט אויפ'ן פענסטער
האט דערזעהען די פייגעלאך, האט ער זיך ניט געקענט צו
האלטען און האט איין פייגעלע ארויסגענומען פון נעסט
האט עס אנגעהויבען באטראכטען. אבער שטעהענדיג אין
הויך האט הערשעלען אנגעהויבען שווינדלען אין די אויגען
עס האט זיך איהם אויסגעדוכט אז אט־אט פאלט ער ארונ
האט זיך הערשעלע געטאן א שאקעל און דאס פייגעלע
ארויסגעפאלען פון האנט. מיט איין שפרונג איז הערש
געווען אויף דער ערד, אבער ווי גרויס איז געווען זיין צער
ער האט דערזעהען אז דאס פייגעלע איז טויט. חיים'קע
אויך באטראכט דאס פייגעלע און האט געזאגט: „דו ווייס
הערשעלע, עס איז אן עבירה צו הרג'ענען א פייגעלע, עס
א צער בעלי חיים“...
„אבער ווען... ווען ניט דו“, שטאמעלט הערשעלע א
שראקענער, „וואלט גאר ניט געווען זיין“.
„דו דארפסט זיך ניט שרעקען, הערשעלע“, האט א
חיים'קע געוואלט טרייסטען, „די עבירה איז ניט אויף
דער רבי האט געזאגט אז אלע עבירות וועלען זיין אויפ'ן טא
ביז מען ווערט בר־מצוה“.
הערשעלע האט געפרובירט איינריידען חיים'קען, ער
נעמען א האלבע עבירה אויף זיין טאטען, נאר חיים
האט דערפון ניט געוואלט הערען.
מיט א שווער הארץ איז הערשעלע געזעסען ביים צווייט
סדר, און פון דער זייט געווארפען רחמנות־בליקען אויפ'ן ט
טען. עס האט זיך איהם אזוי געוואלט ארויפוואהפען אויף
טאטענס האלז און איהם שטארק, שטארק קושען און זיך פ
איהם מודה זיין אז ער האט איהם אנגעמאכט אן עבירה.
אויסגעכאטערטער האט ער מיט אומגעדולד געווארט אז ד
טאטע זאל שוין האלטען ביי חד גדיא.
דער סדר האט זיך שפעט פארצויגען ביז שפעט, און הע
שעלע האט ניט אויסגעהאלטען און איז איינגעשלאפען.
הערשעלע האט נאר וואס אנגעהויבען פארגעסען אן זיי
צרות, ווי פלוצים האט ער דערזעהן עמיצען א הויכען, א ד
רען, מיט א לאנגען חלף אין די דארע פינגער, שטעהענד
נעבען איהם, און הערשעלע האט זיך דערשראקען און פרעגט
„ווער ביזטו?“ — „איך בין דער מלאך המות“, האט איה
די שרעקליכע געשטאלט געענטפערט. — „וואס טוסטו דא?
— „איך בין געקומען נאך דיר“.
„פאר וואס?“ פרעגט ווידער הערשעלע, און ציטערט.
„דערפאר, ענטפערט איהם דער מלאך המות, וואס
האסט דער'הרג'עט דאס פייגעלע, דערפאר וואס דאס פייגעל
האט אויפגעגעסען א ווערימעל, דערפאר וואס דער ווערימע
האט געשעדיגט א בלימעלע, וואס גאט האט אין גארטען גע
פלאנצט.“
הערשעלע האט זיך נאך מעהר דערשראקען און האט זי
אנגעהויבען בעטען, אבער דער מלאך המות טוט זיך זיינס א
רוקט זיך אלץ נעהענטער און נעהענטער צו הערשעלען און אט
אט לייגט ער שוין דעם חלף אויף זיין האלז. הערשעלע האט
זיך א געם געטאן מיט כחות און האט אויסגעשריען, ווי ע
וואלט רופען אימעצען צו הילף.
— וועה איז מיר,“ האט זיך א כאפ געטאן די מאמע, „וואס
איז מיט מיין קינד? —
„ס'גאר ניט, ס'גאר ניט“, האט הערשעלע דערהערט זיי
טאטענס קול, „א קינד חלום'ט זיך נארישע חלומות...“
הערשעלע, דערהערענדיג דאס ווארט „קינד“, האט זיך
ביטער צעוויינט, — ער איז געווארען אוים מאנסביל!

# קינדער־אונטעריכט אין סעקסועלע פראגען

פון דר. ס. ס. פיערס.
(אידיש פון רחל האלטמאן)

עלטערן העלפען זייערע קינדער צו זיין אויפריכטיג, גע־
בואם, גוטהערציג, קאנטראלירען זיך אין א מאמענט פון
ארער שרעק. אין די שולען קריגען די קינדער א באגריף
ען דעם געבויי פון דעם מענשליכען קערפער, און אויך ווי
עניש איהם אויפצוהאלטען. אבער סאי די עלטערן, סאי
לעהרער זוכען מיט אלע מעגליכקייטען אויסצומיידען די
גע וועגען קאנטראל פון סעקסועלע געפיהלען און סעקסוע־
היגיענע — פראגען, וואס שפילען אן אנגעהייער וויכטיגע
ע אין אונזער לעבען; פראגען, וואס האבען צו טאן מיט
שעהנסטע באציהונגען פון מענש צו מענש, פון מאן צו
, פון מוטער צו קינד.

סעקסועלע געפיהלען, ווען זיי ווערען ניט מיסברויכט,
ען זיין א קוואל פון העכסטען גליק אין אונזער לעבען;
אבער מיר קאנטראלירען ניט אונזערע סעקסועלע לײדענ־
טען, קענען מיר זעהר לייכט זינקען אין דעם אפגרונד פון
מליכקייט, פארלירען דעם געפיהל פון זעלבסטאכטונג, ווע־
פיזיש אפגעשוואכט און אפילו ווערען אנגעשטעקט מיט
כטע קראנקהייטען. דעריבער איז זעהר וויכטיג, אז עלטערן
ען אנווייזען זייערע קינדער ווי זיך אויפצופיהרען אויף דעם
סעקסועלען געביט, אום אייפצוהאלטען זיך גייסטיג און פיזיש
שטענדיג געזונד.

אן אונטערזוכונג, וואס איז מיט א קורצע צייט צוריק
אכט געווארען צווישען טויזענד סטודענטען פון פארשיעדענע
ערזישעם, ווייזט אן, וואס פאר א גרויסער פעהלער עס איז,
לעהרער און עלטערן גיבען ניט די קינדער די נויטיגע
פארמאציע וועגען געשלעכטס פראגען. עס האט זיך ארויס־
יזען, אז די סטודענטען זיינען באקאנט געווארען מיט די
נגע פראגען אויף א ריכטיגען שטייגער, ד. ה., פון זייערע
ערן, לעהרער, דאקטאר א. ד. ג. אין דעם דורכשניטליכען
ער פון 15½ יאהר; אין דער צייט, וואס דער דורכשניט־
ער עלטער, ווען זיי האבען נעקראגען זייערע ערשטע איינ־
זע וועגען סעקסועלע באציהונגען אין א ניט געווינשטער
ים (ווי פון ערטערע קינדער אויף׳ן גאס א. ד. ג.) איז געוועזען
יאהר.

איינדריקע, וואס מיר קריגען אין די קינדער־יאהרען, האט
אויף אונז שטענדיג די שטארקסטע ווירקונג, און פיעלע
דענטען האבען זיך מודה געווען, אז די דאזיגע „צופעליגע"
פארמאציעס האבען ארויסגערופען ביי זיי שלעכטע רעזול־
טען. איינער שרייבט: „איך בין געוועזען אזוי נייגעריג, אז
האב געוואלט עקספערימענטירען". אן אנדערער זאגט:
ס האט מיך געבראכט צו באטראכטען געשלעכטס באציהונ־
אלס א מיאוס׳ע זאך, וועגען וועלכע עס איז א שאנדע צו
ען אפילו מיט עלטערן". נאך איינער זאגט: „איך האב
קראגען א באגריף, אז זיין אינטימאראליש איז אן אלגעמיינע
". פיעלע פון זיי האבען אויסגעדריקט אן אונצופרידענ־
ט, אפילו כעס, וואס זייערע עלטערן האבען זיי ניט באקאנט
אכט מיט דער פראגע אויף אן אנשטענדיגען אופן.

עס איז שוין צייט אז עלטערן זאלען נעהמען אויף זיך
פאראנטווארטליכקייט צו געבען זייערע קינדער א באגריף
ען דעם סעקסועלען לעבען אין אזא עלטער, ווען פאר דעם
ואל דאס זיין דער ערשטער איינדריק וועגען דער אנגע־
ענהייט. עס האנדעלט זיך דא ניט וועגען דעם צי קינדער
פען באקאנט ווערען מיט דער סעקסועלער פראגע. דער
ט איז, אז זיי ווערען באקאנט מיט איהר און דעריבער
אונזער חוב צו זעהן, אז די דאזיגע אינפארמאציע זאל
האבען אויף זיי קיין שלעכטע ווירקונג. אין אונזערע צייט־
, ווען אינגלעך און מיידלעך ארבייטען צוזאמען פון פריהער
נד אין געשעפטען און פאבריקען, וואס ברייגגט זיי אזוי
צו א נסיון דארף מען זיי ספעציעל אפהיטען פון א
ען שריט. עלטערן, וואס מאכען ניט די גרעסטע אנ־
שטרענגונגען, אז זייערע קינדער זאלען ניט ארונטער פון „גלייכען וועג", פארדינען שטארק געטאדעלט צו ווערען.

פיעלע עלטערן דענקען, אז וועגען אזעלכע זאכען דארף מען מיט קינדער ניט רעדען. דאס איז א גרויסער טעות. קינדער קענען לייכט אפשאצען די שעהנקייטען פון דעם געשלעכטס־לעבען, ווען מען באשרייבט זיי איהם ווי ס׳געהערט צו זיין. ווען אבער זייער נאטירליכע נייגעריגקייט ווערט ניט צופרידענגעשטעלט, קריגען זיי א פאלשען באגריף וועגען דער זאך הויך לינקע וועגען.

איינינע עלטערן קענען ניט רעדען מיט זייערע קינדער וועגען דער זאך, ווייל זיי ווייסען אפילו ניט ווי מען הייבט דאס אן צו טאן. אבער די גרעסטע צאהל עלטערן ווייכט ווי צו ענטפערן אויף די ערשטע פראגען, וואס קינדער שטעלען, און קענען זיך לייכט צוגרייטען פאר דעם וויטערדיגען אונטערריכט אויף דעם געביט. די סטייט־באארד אוו העלטה" און די „פובליק העלטה סוירוויס" גיבען ארויס פריי ביכלעך וואס ווייזען אן די נויטיגע פאקטען. עס איז אויך לייכט צו קריגען גוטע ביכער, דורך וועלכע מען קען זיך גרינדליך באקענען מיט דער פראגע.

עס איז וויכטיג צו געדענקען, אז ווען מען בעהאנדעלט מיט קינדער אזא פראבלעם מוז מען זיין פאלשטענדיג אויפריכטיג. א קינד, וואס איז גענוג אלט צו שטעלען א פראגע: „וואו האסטו גענומען די בייבי?" — איז גענוג אלט צו פארשטעהן א ריכטיגען ענטפער אין אן איינפאכער שפראך. אויב דעם קינד׳ס נייגעריגקייט ווערט ניט צופרידענגעשטעלט פון די עלטערן, צו וועמען ער ווענדט זיך מיט דער פראגע, וועט ער זוכען אן ענטפער ביי אימיצען אנדערש, ביי א חבר אויף׳ן גאס. עלטערן דארפען זעהן ארויסצורופען ביי זייערע קינדער א צוטרוי צו זיך, אזוי אז ווען א קינד האט וועלכע עס איז פראגען, זאל ער זוכען אן ענטפער ביי די עלטערן. דאס קען דערגרייכט ווערען בלויז דורך אויפריכטיגקייט.

אויב א קינד שטעלט ניט קיין פראגען וועגען געשלעכטס אדער אבשטאמונג איז דאס וואהרשיינליך דערפאר, וואס ער האט שוין עפעס געהערט, וואס האט באפרידיגט זיין נייגעריגקייט. אין אזא פאל איז דער חוב פון די עלטערן די ערשטע אנצופאנגען וועגען דעם צו רעדען, ארויסצורופען ביים קינד א צוטרוי צו זיך און דערצעהלען איהם וועגען דער זאך ווי זיין עלטער און פארשטאנד. ביז דאס קינד איז אלט א יאהר 12 אין די אויפגאבע פון די עלטערן צו געבען אן אויפריכטיגען ענטפער אויף פראגען, וואס שטאמען פון נארמאלער נייגעריגקייט ביי קינדער, לייגען א געזונטען פונדאמענט פאר היגיענישע, סעקסועלע געוואוינהייטען און איינפלאנצען א הויכען אידעאל וועגען סעקסועלע באציהונגען. אין דעם עלטער פון 12 יאהר (ווען דאס קינד איז א מיידעל, און ווען א אינגעל נאך פריהער) דארף מען דערצעהלען דעם קינד וועגען די ענדערונגען וואס קומען מיט דער יוגענד, זייער באדייטונג, און ווי מען דארף זיך צו זיי פארהאלטען. אין דעם עלטער פון סעקסועלען רייף ווערען און אויך שפעטער דארף דער אונטעריכט זיין הויפטזעכליך אן אינדירעקטער; מען דארף פאראינטערעסירען דאס קינד אין פיזישע איבונגען (עקסערסייז), ווען עס זאל קריגען וואס מעהר פרישע לופט אין נאהראפטע שבייז. שפעטער, אין דעם עלטער פון 16 אדער 18 און 20 יאהר, קען דער אונטעררריכט ווידער זיין א דירעקטער. אין אזא עלטער דארף מען דערצעהלען דעם קינד וועגען די נסיונות, וואס ער קען טרעפען אין דער אייסערער וועלט, וועגען פראסטיטוציע און ווענערישע קראנקהייטען.

מען דארף זעהן, אז די פראגען פון דעם געשלעכטס־לעבען זאלען ביים קינד ניט פארנעהמען דעם אויבען־אן. עס דארף אלע מאל באטראכט ווערע אלס איינע פון די נארמאלע לעבענספונקציעס. דעם קינד׳ס געדאנק דארף אלע מאל געריכ־

# ציִהן היגיענע

דר. ב. רובינשטיין

(פאַרטזעצונג)

ביז אַהער האָבען מיר אַלץ גערעדט וועגען דעם מאַגען און די געדערים וואָס אַלע קענען פאַרשטעהן זייער דירעקטע שייכות מיט די ציִהן. אָבער וואָס איז מיט דער האַרץ, די נירען, די לונגען אָדער אַנדערע טיילען פון קערפּער, וועלכע מיר האָבען אויבען דערמאָנט, אַז זיי ווערען קראַנק דירעקט פון שלעכטע ציִהן אָדער קראַנקע יאַסלעס? אַלס ענטפער דערויף מוזען מיר זיך אַביסעל אויסברייטען אום קלאָר צו מאַכען דיעזען וויכטיגען ענין. די מעדיצינישע און דענטיסטישע ליטעראַטור איז יעצט פול מיט באַשרייבונגען פון פאַלען פון פאַרשיעדענע קראַנקהייטען, איבערהויפּט קראַנקהייטען וועלכע ווערען פאַראורזאַכט דורך קראַנקהייט־ברענגענדע באַקטעריען און באַצילען; ווי אַזוי נאָך פיעלע יאָהרען פון קראַנקהייט, וועלכע מען האָט שוין גערעכענט אַלס אומהיילבאַר, האָט מען אויסגעפונען דורך גוט עקזאַמינירען די ציִהן, אַז דער קראַנקער האָט אַ צאָהן־געשוויר אום איינעם אָדער איינינע וואָרצלען פון זיינע ציִהן, און אַז מען האָט דעם צאָהן אָדער ציִהן אַרויסגענומען איז די [illegible] ביסלעכווייז פאַרשוואונדען. אַזעלכע פעלע פון רהומאַטיזם, לונגען־אַנטצינדונג, טובערקולאָזיס און [illegible] פון פיעלע באַוואוסטע דאָקטוירים. איך קען דאָ פאַרברענגען הונדערטער פעלע, וועלכע ווערען געבראַכט אין דאָ מעדיצינישע ביכער און זשורנאַלען און אויך פון מיין פערזענליכער פּראַקטיק. אין די מעהרסטע שווערע כראָנישע קראַנקהייטען האָט שוין די קראַנקהייט אַזוי ווייט פּראָגרעסירט, אַז אַוועקנעהמען די ערשטע סיבה פון וואַנען די קראַנקהייט האָט זיך אָנגעהויבען צו ענטוויקלען העלפט שוין ניט מעהר. אָבער די אורזאַכע, אָדער איינע פון די אורזאַכען, איז געוועזען אַ קראַנקער צאָהן. פיעלע פעלע פון קאָפּ־וועהטאָג, וועלכע די דאָקטוירים האָבען ניט געקענט אויסגעפינען די אורזאַכע דערפון, איז אַז מען האָט אויסגעפונען אַ בלינדען צאָהן־געשוויר אַרום אַ צאָהן און מען האָט דעם צאָהן אַרויסגענומען איז דער קאָפּ־וועהטאָג פאַרשוואונדען, „ווי מען וואָלט עס מיט'ן האַנד אַוועקגענומען“.

די ערקלערונג צו דיעזער וואַהרשיינליכער רעטעניש איז באַלד געפונען: ווי אויבען דערמאָנט, איז דער מענשליכער קערפּער איין גאַנצער אָרגאַן. יעדער טייל פון קערפּער איז פאַרבונדען מיט טויזענדער זיכטבאַרע און אומזיכטבאַרע נערווען מיט די אַלע אַנדערע טיילען. דאָס בלוט צירקולירט דורך מיליאָנען קליינינקע רעהרעלעך. דיעזע רעהרעלעך הייסען „קאַפּילאַריס“ (ד. ה. דין ווי אַ האָר). דיעזע קאַפּילאַריס זיינען אַזוי דין און קליין, אַז מען קען זיי ניט זעהן מיט'ן בלויזען אויג, סיידען דורך אַ מיקראָסקאָפּ. ווען דאָס בלוט שטראָמט אַרויס פון האַרצען געהט עס דורך דיקע רעהרען, די גרויסע אַרטעריען. די אַרטעריען פאַרצווייגען זיך אין אַלץ קלענערע רעהרען אין די קליינע אַרטעריען. דיעזע קליינע אַרטעריען פאַרצווייגען זיך נאָכמעהר אין גאַנץ קליינינקע רעהרעלעך, די קאַפּילאַריס. דיעזע קאַפּילאַריס געפינען זיך אין די מיליאָנען איבער'ן גאַנצען קערפּער. ווען איהר גיט נאָר אַ קראַץ אָדער אַ שניט ערגעץ אין הויט און עס בליטעט עטוואָס, האָט איהר שוין איבערגעשניטען איינינע פון דיעזע קאַפּילאַריס. דער גאַנצער נעץ פון אַרטעריען און קאַפּילאַריס איז איין סיסטעם און זיינען פאַרבונדען צוזאַמען דורכ'ן צענטראַל אָרגאַן, דעם האַרץ. דאָס בלוט שטראָמט אַרויס פון האַרצען און צוטיילט זיך אין אַלע גליעדער. נאָכהער געהט עס צוריק צום האַרצען דורך אַן אַנדער ריִהע רעהרען. אַזוי קומט עס אויס, אַז דאָס זעלבע בלוט צירקולירט איבער'ן גאַנצען קערפּער. די זעלבע בלוט־צעלען, וועלכע האָבען מיט איינינע מינוטען פריהער פאַרביי־געשטראָמט פאַרביי אַ צאָהן, וועלען שפּעטער אַ ווייל צירקולירען אין די נירען אָדער פוס־קנעכעל. נאָך אַזאַ שטענדיגע צירקולאַציאָן איז פאַראַן אין קערפּער פון אַ פליסיגקייט, וועלכע מיר רופען „ליִמף“. דיעזע פליסיגקייט מאַכט דורך די זעלבע צירקולאַציאָן אין קערפּער ווי דאָס בלוט. די „ליִמף“ שטראָמט אַרויס פון געוויסע צענטערן וועלכע פּראָדוצירען דיעזע פליסיגקייט. דיעזע צענטרען ווערען גערופען „ליִמף נאָדס“. פון דיעזע ליִמף נאָדס ווערט די ליִמף פאַרשפּרייט איבער'ן גאַנצען קערפּער.

יעצט קענען מיר שוין אַנהויבען צו באַגרייפען וואָס
האָבען פריהער געזאָגט. ווען עס איז דאָ ערגעץ אין קערפּע
פּלאַץ וואו קראַנקהייט־ברענגענדע באַקטעריען קלייבען זיך צו
אין מאַסען, אַטאַקירען דיעזע באַקטעריען די צעלען פון דעם פ
אָדער ביין פון דיעזען פּלאַץ. די צעלען פאַרלירען זייער געזו
צושטאַנד און פאַלען אַ קרבן צו די באַקטעריען, ד. ה. די צע
ווערען אינפעקטירט און עס ווערט דערפון מאַטעריע. אַזאַ פּ
וואו די באַקטעריען לייזען אויף די געזונדע צעלען און פאַרמ
מאַטעריע, רופען מיר „פאָקאַל אינפעקשיאָן“. יעדער נע
איז אַ „פאָקאַל אינפעקשיאָן“, אָדער יעדער פּלאַץ וואו עס איז
מאַטעריע. אַ צאָהן־געשוויר ווערט געוועהנליך פאַרמירט אי
אַ קראַנקען צאָהן. ווען דער צאָהן ווערט קראַנק און מען בא
עס ניט אויסצוהיילען אין צייט, ווערט קראַנק דער אינווע
טער טייל פון צאָהן, דער טייל, וואָס באַשטעהט פון ב
געשוויר און נערוו. מיר וועלען דאָס רופען דער נערוו. ווען
נערוו ווערט קראַנק, שטאַרבט ער ביסלעכווייז אָפּ. דער נ
איז פאַרבונדען מיט די איבעריגע נערווען און בלוט־געשוויר־ו
אויסגאַנג ביים ענדע פון וואָרצעל פון צאָהן. ווען דער נ
איז טויט, פּאַסירט מיט איהם דאָס זעלבע ווי מיט אַנדערע טו
פלייש, ד. ה. עס הייבט אָן צו פוילען. און פוילען מיינט ב
טעריען. אַזוי קלייבט זיך אָן מאַסען באַקטעריען אַרום צ
און די באַקטעריען אַטאַקירען די צעלען פון דעם פלייש און
אַרום צאָהן ביז וואַנען עס ווערט מאַטעריע. אָט דאָס איז
געוועהנליך אַ צאָהן־געשוויר. ווען די בלוטען און די ליִמף־פליס
קייט געהט אַדורך דיעזען פּלאַץ, נעהמט עס אַוועק מיט זיך
שטראָם מיל־מיליאָנען פון דיעזע קראַנקהייט־ברענגענדע ב
טעריען און פאַרשפּרייט עס איבער'ן גאַנצען קערפּער. אַ
שטעלט זיך עס אָפּ אין די טאָנסילס, אַמאָל אין האַרץ, אָדער
אין אַרטעריע, אַמאָל אין די נירען, אָדער אין די שלעכטער פון
ביינער, און פאַראורזאַכט די פאַרשיעדענע קראַנקהייטען פון די
וויכטיגע אָרגאַנען. די גרעסטע סכנה זיינען די „בלינדע געש
רען, די יעניגע געשווירען, וועלכע ברעכען זיך ניט דורך א
דורך די יאַסלעס. ווארום אויב אַ געשוויר ברעכט זיך דורך ד
די יאַסלעס, געהט די מאַטעריע אַרויס אין מויל, און ווערט
פאַרשפּרייט איבער'ן גאַנצען קערפּער. נאָך אַ מעלה האָט
אַן אָפענער געשוויר, וואָס דער פּאַציענט ווייס דערפון און דער ד
טיסט קען עס זעהן. אָבער אין אַ „בלינדען“ געשוויר קען
פּאַסירען, אַז אַ פּאַציענט זאָל האָבען אַ „בלינדען“ געשוויר פ
יאָהרען לאַנג און ניט וויסען דערפון. אויך קען דער דענטי
עס ניט זעהן. קיינע אויסערליכע סימפּטאָמען צו דערקענען
זיינען ניטאָ, סיידען דורך דעם עקס־רעי אַפּאַראַט. די בלוט
די ליִמף נעהמט שטענדיג אַוועק די מאַטעריע און פאַרשפּר
עס איבער'ן גאַנצען קערפּער.

נאָר ווען דאָס וואָלט שטענדיג געווען דער פאַל, וואָלט
גאַנצע מענשהייט שוין לאַנג אויסגעשטאָרבען פון פאַרשיעדע
קראַנקהייטען, פאַראורזאַכט דורך שלעכטע ציִהן. דאָ קומען
צו איינעם פון די אינטערעסאַנטסטע קאַפּיטלען פון מאָדער
פיזיאָלאָגיע. מיר מיינען דאָ „אימיוניטעט“, דאָס הייסט די א
געשאַפענע צו זיין אויסגעשלאָסען פון געוויסע קראַנקהייט
דער מענשליכער קערפּער ענטהאַלט אין זיך ניט נאָר פעהיגקיי
איבערצונעהמען אין זיך נאַהרונג, און „איבערקאָכען“ עס, עס ז
ווערען זיין אייגענע פלייש און בלוט. ניט נאָר קען עס נעהמען
פונט ברויט, אַ ציבעלע און אַ באָרשט און מאַכען דערפון די צע
פון וואָס דער קערפּער, די ביינער און דער נערווען־סיסטעם א
צונויפגעשטעלט, נאָר ער האָט נאָך אין זיך אויך די אייגענשאַ
ווידערצושטעהן אַלע אויסערע געפאַהרען. דער קערפּער האָט
גוט־אָרגאַניזירטע און דיסציפּלינירטע שטענדיגע אַרמייען א
שלאָגען אַ שונא, ווען ער באַפאַלט דעם קערפּער. דיעזע אַרמ
זיינען געוויסע בלוט־צעלען, וועלכע מיר רופען „פאַגאַציטען
די פונקציעס פון דיעזער אַרמעע איז, ווען אַ פרעמדע זאַך דרינ
אַריין אין קערפּער, אַרומצורינגלען עס און געבען עס אַ שלאַכ
ווען אַ „שונא“ דרינגט אַריין אין קערפּער, האָט רינגלען עס
„פאַגאַציטען“ אַרום און אַ רעגולערע מלחמה ענטשטעהט.
באַקטעריען זיינען אַ פרעמדע אַרמעע אין דעם קערפּער, און ווע
אַ שעדליכע אַרמעע, און ווען זיי קומען נאָר אַריין ערגעץ ו
רינגלען זיי די „פאַגאַציטען“ אַרום, און עס ווערט אַ שלאַכט א
לעבען און טויט. וואָס מעהר „פאַגאַציטען“ עס זיינען דאָ א
בלוט, אַלץ מעהר שאַנסען האָבען זיי צו געווינען די מלחמ
אויך ווענדט עס זיך אָן דעם אַלגעמיינעם צושטאַנד פון דער פע
זאָן. ווען דער פּערזאָן איז יונג, געזונד, האָט גענוג נאַהרונ

---

טעט זיין אויף קאָנסטרוקטיווען דענקען, אויף אַרבייט, אונטערהאַלטונג און שפּיעל. ווען אַ קינד איז פיזיש געזונד, האָט גענוג פיזישע און גייסטיגע אַרבייט און דערצו אַ געזונטע שטעלונג צו סעקסועלע פראַגען, איז דאָ זעהר ווייניג געפאַהר, אַז עס זאָל אַרונטער פון דעם דרך הישר. ווען אַ קינד איז ריכטיג ערצויגען, וועט זיין סעקסועלער אינסטינקט מעגליך מאַכען פאַר איהם צו דערגרייכען די העכסטע פאָרם פון ליעבע און גליק.

# ניינצענטער רעפּארט צו דער צוואנציגסטער קאנווענשאן פון ארבייטער רינג אין נוארק, נ. דזש.

נאציאנאלע בעאמטע פאר 1919-1920:

אב. עפּשטיין — — — — טשערמאן — י. באסקין — — — דזשענ. סעקרעטער
פּ. יודיטש — — — — וויים־טשערמאן — פּ. געליעבטער — — רעק. סעקרעטער
נ. פריימאן — — — — — טרעזשורער — מאיר לאנדאן — — ליגעל אדווייזער
י. ב. ביילין — — — — רעדאקטאר

## די נאציאנאלע עקזעקוטיוו קאמיטע

**גריוועגס קאמיטע:**
ס. וואלאס
מ. פערלשטיין
ל. אלטמאן
מ. האסקעל
ב. קראפּקא

**ארגאניזאציאנס קאמיטע:**
י. דינערשטיין
ע. עבעריל
פּ. יודיטש
אב. עפּשטיין
ב. קרינסקי

**סאנאטאריום קאמיטע:**
ה. גוסקין
ל. ראטהמאן
י. אלפּערט
דזש. אשעראווין
דזש. קלופּט

**אפּיס קאמיטע:**
ע. ה. ישורין
דזש. מ. ראזענבלאט
מ. אייבראמס
נ. פריימאן

**בענעפיט קאמיטע:**
ס. יאקאבי
ס. הייפּערלינג
דייוו אלפּערין
ל. ביילין
ז. שפּייער

**עדיוקיישאנאל קאמיטע:**
ב. האפּמאן
ל. גאלינסקי
ה. בורגין
מ. הערשקאוויץ
י. ב. סאלוצקי

**נאציאנאלע באארד און דירעקטארען:**

ל. ארקין, פּיטסבורג, פּא. — ה. לין, נוארק, נ. דזש. — א. פעהאוויין, באלטימאר, מר.
ל. בענענסאן, שיקאגא, איל. — מארים רייס, ניו־הייווען, קאנ. — ל. בעצאהלער, ברוקלין, נ. י.
ט. דייוויס, נארפאלק, ווא. — א. ריבא, טאראנטא, קענעדע — ה. שערמאן, פּראווידענס, ר. א.
ב. דאקסער, העטראיט, מיש. — א. רובין, מילוואקי, וויסק. — ד. שייער, מינעאפּאליס, מינ.
סאול שולמאן, פּארטלאנד, מעין — י. וויניצקי, קליוולאנד, אהייא

**סאניטאריום מעדיקאל אדווייזארי באארד:**
דר. דזש. האלפּערן — דר. מ. ראם
דר. ס. אינגערמאן — דר. ש. פּעסקין
דר. מ. ג. פריעדמאן — דר. מ. ראזענטהאר

**אינגעמיינע מעדיקאל אדווייזארי באארד:**
דר. דזש. האלפּערן — דר. ס. סיקוועדבערג
דר. ח. קלימענקא — דר. א. היימאווין
דר. י. א. מעריסאן — דר. ב. נעלסאן
דר. אב. קאספּע — דר. פעני דעמבא
י. באדסקי

# קאנווענשאן אפטיילונג



## באריכט פון נאציאנאלען עקזעקוטיוו קאמיטע

די דעלעגאטען פון דער 20טער יעהרליכער קאנווענ־שאן און צו אלע מיטגלידער פון ארבייטער רינג.

רטע פריינד:

מיר קומען צו אונזער 20טער יעהרליכער קאנווענשאן מיט ציג טויזענד מיטגליעדער, איינגעטיילט אין זעקס הונדערט ם צוואנציג ברענטשעס, און מיט א נעט פארמעגען פון א יאן מיט דריי הונדערט טויזענד דאלער.

אין אונזער היי־יאהריגען באריכט, וואלט אפשר ניט זיין עריג, איינצושליעסען אויך איינינע בלעטלאך געשיכטע פון ם לעבען און טעטיגקייט פון אונזער ארגאניזאציע פון די גאנגענע יאהרען; עס וואלט דא וויכטיג געוועזן צו פאר־בענען וועניגסטענס איינינע מאמענטען אין אונזער געשיכ־ וועלכע האבען אונזער ארגאניזאציאן — אין א משך פון יאהר, געהאלפען קומען צו אזא מאכט און גרויס. אבער, טענס צוליעב מאנגעל אין פלאץ, און צווייטענס, ווייל אין אפשר נים אין אונזער איצטיגער אויפגאבע, מוזען זיך באשרענקען אין אונזער באריכט, בלויז וועגען דעם טען יאהר טעטיגקייט פון אונזער עקזעקוטיווע, און אויך וועגען דער ארבייט וואס טראגט אן אלגעמיינעם כאראק־ מיך גלויבען אבער, אז דיעזער קורצער באריכט, צוזאמען די באריכטען פון די דעפארטמענט קאמיטעס, וואס זיינען קט אויף די אנדערע זייטען פון דיעזען נומער, קענען ווע־ טענס פארדעכענט ווערען פאר איינעם פון די רייכסטע קא־ רען אין אונזער ארבייטער רינג געשיכטע, און קען דיענען נעניגענדער ביישפיעל פון דעם וואוקס און טעטיגקייט פון ער ארבייטער ארדען פון די אלע יאהרען וואס ער עקזיס־ ט.

אין דער געשיכטע פון אונזער ארבייטער רינג, האבען מיר געלעבט פערשיעדענע צייטען, ערגערע און בעסערע אומ־ רען פאר זיין וואקסענדען ערפאלג. אין אנפאנג פון לעצ־ יאהר זיינען מיר געוועזן זיכער, אז מיר נעהמען איבער ארוואלטונג אונטער גינסטיגערע אומשטענדען; די מגפה פאר־יגען יאהר איז געוועזן פארביי, דער וועלטקריעג איז ן פאר־ענדיגט, און מיר זיינען דארום געוועזן זיכער, ניט באגעגענען קיינע שטערונגען דעם יאהר אין אונזער אר־ . דער סך־הכל האט זיך דאך אנדערש געוויזען; אין די טען יאנואר און פעברואר, וועלכע זיינען געווערנליך די טע צייט פאר ארגאניזאציאנס טעטיגקייט, האבען מיר די ון ווידער באגעגענט — באטש אין א לייכטערען אופן אלס טערונג אין אונזער ארבייט. און אויב די צייט פון קריעג שוין געוועזן פארביי, האלטען מיר זיך אבער אנגעשטויסען ער ירושה; וועלכע דער קריעג האט נאך זיך געלאזען אין ער לאנד; — מיר האבען זיך באגעגענט מיט די ביטערע יעס פון דער רעאקציע, וועלכע זיינען אהן אירגענד גע־ יכען גרונד — אין פיעלע היגזיכטען, נעשטאנען אין וועג אונזער טעטיגקייט. אונטער די אומשטענדען איז אונז טען יאהר אויסגעקומען צו טאן אונזער ארבייט וועלכע דא, קויט די מעגליכקייטען, בלויז טיילווייז פארצייכענט. ניט יעגען —

### אונזער ארגאניזאציאנס טעטיגקייט

אויף אנאנדער פלאץ אין היעזען נומער וועט איהר געפינען ן היעזיגער טייל ארבייט, א געגויערען באריכט פון אונזער ניזאציאנס קאמיטע. דא וועלען מיר בלויז, אין אלגע־ שטריכען, איבערגעבען פאלגענדעס:

ביי אונזער ערשטען מיטינג ווען מיר זיינען אריין אין האבען מיר מיט פרייד אנגענומען די רעקאמענדיישאן ער ארגאניזאציאנס קאמיטע, אנצופאנגען א קעמפיין פאר 20 טויזענד נייע מיטגליעדער ביז דער 20טער יעהרליכער קאנ־ווענשאן. מיר האבען געגלויבט אז נאך געניגענדע אנשטרענ־גונגען, וועלכע מיר זיינען געוועזן גרייט צו מאכען, וועט דער רעזולטאט זיין אן ערפאלגרייכער. די אומשטענדען — ווי שוין באמערקט — האבען זיך אבער גלייך געשטעלט געגען אונז. אמשטארקסטען איז אונזער ארגאניזאציאנס קעמפיין גע־שטערט געווארען דורך דער רעאקציע. דער געיעג איהרער איז צו ווייט פארגאנגען. אין איינינע שטעדט זיינען אהן אירגענד געזעצליכע מאטיוען אויך אונזערע ברענטשעס גע'רודפ'ט גע־ווארען און בעאמטע זיינען ארעסטירט געווארען. מיט דער אויסנאהמע פון די גאר גרויסע שטעדט, איז דער לעבען און די ארגאניזאציאנס טעטיגקייט פון די ברענטשעס כמעט פאראלי־זירט געווארען; — א דאנק דער אומזיסטער שרעק פון פיעלע מיטגליעדער. די פארזאמלונגען — אויב אזעלכע זיינען גע־האלטען געווארען — זיינען זעהר שוואך באזוכט געווארען, און דאס האט נאטירליך פיעל געשטערט אונזער ארגאניזאציאנס קעמפיין.

אונזער עקזעקוטיווע האט דאך אנגענומען אלע מעגליכע מיטלען אז דער רעזולטאט פון קעמפיין זאל דאך ברייגגען גע־וויסע רעזולטאטען. מיר האבען פריהער פאר אלץ געזוכט אנ־צוהאלטען דעם לעבען אין אונזערע ברענטשעס; אין די ערטער, וואו ברענטשעס זיינען געשטערט געווארען אין זייער טעטיג־קייט דורך אנפאלען אדער ארעסטען, האבען מיר פראטעסטירט צו די דארטיגע רעגירונגס בעאמטע און געמאנט פון זיי צו פאר־שטעהן, אז דער ארבייטער רינג, איז א לעגאלע ארבייטער אינ־שורענס ארגאניזאציע, וואס קען, לויט געזעץ, ניט געשטערט ווערען אין זיין טעטיגקייט. דארט וואו עס איז געוועזן נויטיג, האבען מיר אויך געצאהלט די טרייעל־עקספענס, און אזוי זיי־נען טאקע די קלאגען צו נישט געווארען. צו די ברענטשעס איבער'ן לאנד האבען מיר אויך ארויסגעשיקט איינינע ספע־ציעלע צושריפטען, דורך וועלכע מיר האבען געזוכט זיי צו ערמוטיגען און צו פארטרייבען דעם אומזיסטען שרעק פון די מיטגלידער. און אומעטום, וואו נאר עס איז געוועזן מעגליך האבען מיר ספעציעל געשיקט רעדנער פאר דעם זעלבען צוועק און אויך צו וועקען און צו אגיטירען פאר א פארגרעסערטער מיטגלידערשאפט אין אונזער ארבייטער רינג.

מיר האבען ניט די מעגליכקייט, און עס איז אפשר אויך ניט נויטיג, אין דיעזען באריכט, זיך אפצושטעלען אויף איינ־צעלהייטען וועגען דעם, ווי אזוי דער לעבען אין די ברענטשעס איז דאך אנגעהאלטען געווארען, און אונזער ארגאניזאציאנס קעמפיין איז אנגעפיהרט געווארען אונטער די דערמאנטע אומ־שטענדען. מיר קענען בלויז אין אלגעמיינע ווערטער זאגען, אז, ווען מיר קוקען זיך איצט איין אין דעם סך־הכל פון די אויפטואונגען אין דעם פארגאנגענעם יאהר, ווערט זאגאר פאר אונז נאך מעהר פעסטגעשטעלט, אז דער ארבייטער רינג איז פארט דער לעבעדיגסטער נערוו אין דער היגער באוועגונג, וועל־כער קען ניט אפגעשוואכט ווערען אפילו אין די ערגסטע צייטען.

דער צעטעל פון אונזערע ארבייטער רינג אונטערנעהמונגען אין דעם פארגאנגענעם יאהר איז ניט נאר ניט פארקלענערט געווארען, נאר איז — לויט אונז שיינט — זאגאר פיעל גרע־סער ווי געוועהנליך: רעליעף אונטערנעהמונגען, קאאפעראטי־ווען, ארבייטער לייסעאומס, יובילעאומס פון ברענטשעס, קינ־דער שולען, לעקציעס און אגיטאציאנס פארזאמלונגען. מיט דעם אלעם, האבען זיך אונזערע ברענטשעס באשעפטיגט דיע־זען יאהר, נאך מעהר ווי ווען עס איז פריהער. יעדער גינסטי־גער מאמענט און אלע מעגליכקייטען זיינען כמעט אומעטום אויסגענוצט געווארען פאר ערפאלגרייכער ארבייט.

און אונזער עקזעקוטיווע, וועלכע האט דורך אלע מיטלען געמונטערט צו לעבעדיגער טעטיגקייט, האט זיך באנוצט מיט

אלע אזעלכע געלעגענהייטען צו אגיטירען פאר אונזער ארגאני־זאציאנס קעמפיין. ביי אלע אונטערנעהמונגען, ביי וועלכע עס איז נאר געווען מעגליך, האבען מיר געהאט אונזערע פארטרע־טער וועלכע האבען געדופען זיך אנצושליסען אין אונזער אר־גאניזאציע. בלויז צייטענווייז האבען מיר צו אייניגע ברענ־טשעס ניט געקענט שיקען קיין פארטרעטער; און ביי אזעלכע בעטען מיר דא ענטשולדיגונג, ווייל דאס איז זיכער געווען פשוט צוליעב פיזישע אונמעגליכקייטען, א דאנק דער גרויסער צאהל אונטערנעהמונגען וואס פלעגען אפט פארקומען אין דער זעלבער צייט.

און ניט נאר ביי די פארזאמלונגען פון אונזערע ברענטשעס, נאר ביי פארשידענע אנדערע עפענטליכע ארויסטרעטונגען — — וואו נאר עס איז געווען א מעגליכקייט, האבען מיר אגיטירט פאר דעם ארבייטער רינג. אונזער אגיטאציע איז געווען־ניט נאר א מינדליכע נאר אויך דורך —

## פרעס פובליסיטי

מיר האבען געזוכט צו מאכען פאפולער דעם ארבייטער רינג, צווישען די ברייטע אידישע ארבייטער מאסען, דורך דער ארבייטער פרעסע. מיר האבען זיך דערצו באנוצט מיט יעדער נייער ערשיינונג — סיי אין אינערליכען לעבען פון ארבייטער רינג גופא און סיי אין אלגעמיינעם געזעלשאפטליכען לעבען. און ביי דער געלעגענהייט ווילען מיר אויסדריקען אונזער דאנק צום „פארווערטס" און צו די אנדערע ארבייטער צייטונגען, פאר די מעגליכקייטען וועלכע מיר האבען פון צייט צו צייט דורך זיי באקומען. הגם מיר גלויבען, אז גראדע לעצטען יאהר האט זיך אונזער ארגאניזאציאן גענויטיגט, און איז געוויס געווען בארעכטיגט, צו פיעל מעהר פלאץ אין די דערמאנטע צייטונגען, ווי מיר האבען געקריגען.

אין אלגעמיין איז אונזער ארגאניזאציאנס קעמפיין לעצטען יאהר געווען זעהר אן אנגעשטרענגטער. און צום סוף יאהר קענען מיר זאגען: אז כמעט עס איז בכלל פארדרוסליך, וואס אונזער וואונש פאר פולע 10,000 טויזענד נייע מיטגלידער צו אונ־זער 10טען קאנווענשאן איז ניט מקוים געווארען, קענען מיר אבער דאך שטאלצירען מיט דעם נייעם צוואוואוקס פון אונגע־פער 8 טויזענד נייע מיטגליעדער. אין פארגלייך מיט די שווע־רע מעגליכקייטען פון לעצטען יאהר איז דער ערפאלג א גאנץ גרויסער. מיר גראטולירען מיט דיזען ערפאלג אלע אקטיווע מיט־גלידער פון אונזערע ברענטשעס, און ספעציעל אלע סיטי און דיסטריקט קאמיטעס וועלכע האבען דערצו פיעל הולף בייגע־שטייערט.

אין שייכות מיט אונזער אלגעמיינער ארגאניזאציאנס טע־טיגקייט, קען דא פארצייכענט ווערען נאך א וויכטיגער פונקט, און דאס איז —

## וועגען לעגאליזאציע

מיר האבען אויך דיזען יאהר געהאט א ספעציעלע ליגעל קאמיטע, וועלכע האט צוזאמען מיט אונזער ליגעל אדוויזערי באטראכט אלע מעגליכע פלענער, צו מאכען דעם ארבייטער רינג לעגאל אין אלע סטייטס פון לאנד. אפליקיישאנס פאר טשאר־טערס זיינען אין דעם יאהר ארויסגעשיקט געווארען אפילו אין די סטייטס וואו קיין ברענטשעס פון ארבייטער רינג זיינען נאך ניט אין עקזיסטענץ. ביז דעם טאג ווען דיזער באריכט ווערט געשריבען, האבען מיר צוגעקריגען טשארטערס אין די סטייטס, טעקסעס, קאליפארניע און מינעסאטא. דאס איז פארשטענד־ליך אויסער דער צאהל סטייטס פון וועלכע מיר האבען באקומען אונזערע טשארטערס שוין פאריגען יאהר באלד ווי די פראטויר־נאל רוימס צאהלונגען זיינען אריין אין קראפט. מיר האבען אויך געקריגען אן אלגעמיינעם טשארטער פאר גאנץ קענעדע, און מיר קענען מיט פרייד ביי דער געלעגענהייט באמערקען, אז דער פאקט וואס דער קענעדער טשארטער איז פאר אונז באַ־וויליגט געווארען, באשטעטיגט ווידער די מאכט און די זיכער־הייט פון דעם ארבייטער רינג אלס פראטוירנאל אינשורענס ארגאניזאציע. די וואס זיינען באקאנט מיט די שווערע געזעצע פון קענעדע, אין שייכות צו פראטוירנאל אינשורענס ארדענס, וועלען דעם פאקט קענען ריכטיג אפשאצען.

אויסער די דערמאנטע סטייטס און קענעדע, האלטען מיר איצט אויך אין פארהאנדלען מיט אנדערע סטייטס, וואו עס זיינען דא האפנונגען אויף ערפאלג. נאר מעהר איינצעלהיי־טען וועגען דעם אין ספעציעל וועגען איין סטייט, וועהען מיר

בעסער קענען מינדליך באריכטען צו די דעלעגאטען ביי דער
מענדער קאנווענשאן.

נאהענט צו די פונקטען וועגען אונזער ארגאניזאציאנס ט
טיגקייט, וועלען מיר בארירען אייניגע פראגען וועגען —

## אינערליכע ארגאניזאציאנס אנגעלעגענהייטען

אין אזא גרויסער ארגאניזאציע ווי דער ארבייטער רי
איז עס — לויט אונז שיינט — שוין כמעט ווי נאטירליך,
באגעגענען פון צייט צו צייט אינערליכע סכסוכים, צו ווע
עס פארערען זיך ענטשיידונגען און האנדלונגען פון די נאצ
נאלע אנפיהרענדע קאמיטעס. און אזוי האבען מיר אויך
טען יאהר געהאט צו האנדלען אין פיעלע אזעלכע פראגען.
גיבען דא בלויז איבער וועגען דריי, וועלכע מיר באטראכ
פאר די וויכטיגסטע.

## 1) ברוקלין טעריטאריע

די ארבייטער רינג דעלעגאטען פון אונזער לעצטער ק
ווענשאן געדענקען נאך ווארשיינליך די טענות פון א ברוקלי
קאמיטע געגען דער פאריגער עקזעקוטיווע, פאר ניט באווי
צו אייניגע ברוקלינער ברענטשעס קיין בעזונדער טעריטאר
קאנפערענץ פאר קאנווענשאן דעלעגאטען. אויסהערענדיג ז
רע טענות, האט די לעצטע קאנווענשאן דאך איינשטימיג ג
געהייסען די האנדלונג פון דער עקזעקוטיווע. עס האבען
אבער געפונען אייניגע ברוקלינער מיטגלידער וועלכע הא
באכדעם אויך ניט גערוהט. און נאך אין מאנאט דעשולי
צו אונז געקומען א קאמיטע מיט דעם פארלאנג, צו באווילי
פאר ברוקלין א באזונדער טעריטאריום קאנפערענץ. דער ני
פארלאנג פון דער קאמיטע איז באגרינדעט געווארען מיט ז
מאטיוו, אז ווען דאס וועט באוויליגט ווערען, וועלען זיי
ברענטשעס בטוח ווערען פון אומזיסטע אינערליכע צוויס
קייטען און וועלען קענען זיך נעהמען צו וויכטיגערע ארג
זאציאנס ארבייט. אונזער עקזעקוטיווע האט באשלאסען ד
פארלאנג צו באוויליגען, כדי אוועקצונעהמען די וואפען פון
יעניגע וועלכע האבען דורך דעם געזוכט צו שטערען די הא
אין דער ארבייט, הגם מיר האבען ניט געגלויבט און גלויבען
היינט אויך ניט אין דער וויכטיגקייט פון דעם ברוקלינער פ
לאנג. און עס איז איצט ווערטה צו באמערקען, אז אויך די
באשרים האט נאך ניט צופרידענגעשטעלט די יעניגע וועי
האבען געזוכט, און זיינען געניגט שטענדיג צו זוכען און
צוהאלטען טומעל אין אונזער ארגאניזאציאן.

## 2) פעטערסאן

אין דעם באריכט פון דער ארגאניזאציאנס קאמיטע
איהר געפינען אין איינצעלהייטען וועגען א סכסוך וואס
געפיהרט צו דער אויפלעזונג פון ברענטש 192 אין פעטערס
פון דעם באריכט וועט איהר טיילווייז זעהן, אז די לאגע ד
טען איז געווארען א גאנץ ערנסטע. די סכסוכים צווישען
בייטער רינג מיטגלידער איבער דער פראגע, אויף וויפיעל וו
שטופען א וועבער מעג ארבייטען, — וועגען וועלכע עס
שוין אויך באריכטעט געווארען ביי אונזער פאריגער קאנ
שאן, — זיינען אוועק פיעל וויטער. ניט נאר אין ברענ
טשען, נאר אויך טיילווייז אין אנדערע ברענטשעס, האט
פיינט ענטוויקעלט א קאמף צווישען ארבייטער און בעלי־בת
א געוויסע צאהל וועבער־באסעס מיט — צום בעדויערען
ראדיקאלע פרעטענזיעס זייגען, ווי עס שיינט, אזוי פארשכו
געווארען פון דער לעצטער פראספערעטי צייט, אז זיי האב
געפונען פאר נויטיג אנצופאנגען אן ארגאניזירטען פראקטי
קאמף אין די ברענטשעס פון ארבייטער רינג. זייער וויא
האט אויסגעזעהען צו וועלען אריינברענגען דעם גייסט פון
ארגאניזירטער מאנופעקטשורערס אסאסיאיישאן אין אינז
ברענטשעס. און אין שייכות מיט דעם איז
אויסגעקומען אייניגע מאל צו פאסען ענטשיידונגען. אונז
האנדלונגען זיינען געווען לויט די מעגליכקייטען, אין דעם ג
פון ארבייטער רינג און לויט דעם מאנדאט וואס מיר הא
באקומען פון אונזער גרויסער מיטגלידערשאפט.

## 3) סאניטאריום

אין סאניטאריום האבען מיר זיך אויך דעם יאהר באגעג
מיט אייניגע אונאנגענעמע פאסירונגען, וועלכע האבען גע
דערט אן ענטשיידענע האנדלונג פון דער נאציאנאלער עקז
טיוו קאמיטע אלס גאנצע. די פאסירונגען דעם יאהר זי

ג. געגען דער פאַראורטיילונג צום טויט פון שווארצע אין אַמעריקאַנזעם אָהן א טריעל פאַר א דזשורי.
ד. פאַר אונטערנעהמען די בלאָקאַדע פון רוסלאַנד.
ה. באַגריסונג צו די סטרייקענדע שטאָהל ארבייטער.
ו. באַגריסונג צו די סטרייקענדע מיין ארבייטער.
דיזע אַנגעמערקטע פּונקטען זיינען ניט מעהר ווי אַן אָפּשפּיגלונג פון אונזערע געזעלשאַפטליכע פאַרבינדונגען און פון אונזער ברייטער ראַדיקאַלער טעטיגקייט. מיר האַלטען פאַר איבעריג דאַ צו ערקלערען אויף ווי ווייט יעדער אַנגענומענער פּונקט פון אונזערע באַשליסע האָט געהאַט זיין באַדייטענדען איינפלוס. דער ארבייטער רינג איז היינט צו טאָג איינער פון די מעכטיגסטע כחות אין דעם געזעלשאַפטליכען לעבען. אלע אונזערע באַשליסע געפינען דעם געוויינטען אָפּקלאַנג צווישען די ברייטע מאַסען און האָבען אויף אזא אופן זייער באַדייטונג, שטימונג.
בכלל קענען מיר זאָגען, אַז קיין געזעלשאַפטליכע ראַדיקאַלע אונטערנעהמונג געהט היינט צו טאָג ניט פאַרביי, אָהן דעם אַקטיווען אַנטייל פון דעם ארבייטער רינג. אויף דעם פּאָליטישען ווי אויף דעם עקאָנאָמישען געביעט — אין אלע אונטערנעהמונגען פאַר די אינטערעסען פון די ארבייטער, האָט דער ארבייטער רינג אַזא רייכען חלק, וועגען וועלכען א שעהנע איינהאַלטסרייכע געשיכטע וואָלט געקענט פאַרשריבען ווערען.

צום סוף פון אונזער באַריכט איז אויך ווינשענסווערטה צו באַמערקען, אַז איינער פון די ווירקזאַמסטע מאָטיווען פאַר דער ערפאָלגרייכער טעטיגקייט דיזען יאָהר, איז אָהן שום ספק אויך געווען דער פאַקט, וואָס אמת'ע האַרמאָניע האָט געהערשט צווישען די מיטגלידער פון אונזער פאַרוואַלטונג, און וואָס דער צוטרויען פון אונזערע ברענטשעס איז צו אונז געשענקט געוואָרען מיט דעם פולען ערנסט פון אָרגאַניזאַציאָנס מיטגליעדער. דער געפיהל פון פאַראַנטוואָרטליכקייט, האָט זיך שטענדיג אַנגעזעהען צווישען די מיטגלידער פון אונזער עקזעקוטיווע, אפילו אין צייטען פון דעבאַטען און מיינונגס פערשידענהייטען. דעט זעלבען גייסט האָט מען אויך געקענט זעהר קיכט באַמערקען צווישען די מיטגלידער פון אונזער יונגער נאַציאָנאַלער באָארד אָף דירעקטאָרס, צווישען וועלכע א גרעסערע צאָהל זיינען בלויז יונגע פאַרוואַלטער, אָבער אַלטע ערפאַרענע טוער אין דעם ארבייטער רינג און אין דער אַלגעמיינער באַוועגונג.
זייט געגריסט, פריינדע דעלעגאַטען און מיטגלידער, צו אונזער גרויסען יום טוב — צו דער 20טער יעהרליכער יובילעאום קאָנווענשאָן פון אונזער ארבייטער רינג. עס איז אונזער הייסער וואונש אַז איהר זאָלט ביי דיזער קאָנווענשאָן פאַסען די בעסטע באַשליסע וועלכע זאָלען אויף ווייטער נאָך רייכער און נאָך שעהער מאַכען אונזער ארבייטער רינג.

די נאַציאָנאַלע עקזעק. קאָמיטע.

# רעקאָמענדאַציעס צו דער 20טער קאָנווענשאָן

## פון דער נאַצ. עקזעק. קאָמיטע

### פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע.

1) אַז די צאָהלונגען פאַר דעם אָרגאַניזאַציאָנס פאָנד זאָלען פאַרבלייבען ווי ביז יעצט — 4 סענט פער מעמבער פער קוואַרטאַל.

2) אַז נייע מיטגלידער זאָלען אריינגענומען ווערען אין דעם עלטער ביז 50 יאָהר. נייע מעמבערס אין עלטער פון 45 ביז 50 יאָהר זאָלען צאָהלען פאַר'ן קראַנקען בענעפיט פאָנד לויט א ספּעציעל בעשטימטער טאַבעלע, וואָס זאָל אויסגעאַרבייט ווערען פון אונזער עקטשוערי.

3) ביי דער נאָמינייטאָן קאָנפערענץ פאַר דיסטריקט און סיטי קאָמיטעס און נאַצ. באָארד אָוו דירעקטאָרען זאָלען די מעמבערס האָבען די זעלבע פאַרטרעטערשאַפט ווי ביי די קאָנפערענצען צו נאָמינירען דעלעגאַטען צום קאָנווענשאָן.

4) די אָרגאַניזאַציאָנס ארבייט זאָל אַנגעפירט ווערען לויט די יעצטיגע סיסטעם.

5) די עקזעק. רעקאָמענדירט, אַז די קאָנווענשאָן זאָל אינדאָרסירען דעם פּאַרקאַנג פון די גרייטער ניו יאָרק ברענטשעס צו בויען אַן א. ר. הויז אין ניו יאָרק, און אַפּעלירען צו אלע ברענטשעס איבער'ן לאַנד, אַז זיי זאָלען העלפען אין דער אונטערנעהמונג.

6) די עקזעק. רעקאָמענדירט צו בויען א היים פאַר די עלטערע מיטגלידער פון אָרדען.

### פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע

צו העכערען די צאָהלונגען פאַר דעם אויפהאַלטונגס פאָנד אויף 5 סענט פער מעמבער פער קוואַרטאַל.

### פון דער נאַצ. גריוועַנס קאָמיטע.

צו ארטיקעל 11, פּאַראַגראַף 4 זאָל צוגעשטעלט ווערען: אויב די אויסטייטשונג פון דער נ. ב. א. ד., געגען אַן ענטשיידונג פון א פאַרוואַלטענדע קאָמיטע, פאַראורזאַכט אַז א מעמבער זאָל אויסגעשלאָסען ווערען פון א. ר., בלייבט דאָס רעכט ביי דער נאַצ. עקז. צו ברייגען די פראַגע צו דער קומענדער קאָנווענשאָן, און דער מעמבער זאָל ביז דער ענטשיידונג פון דער קאָנווענשאָן ניט קענען אויסגעשלאָסען ווערען פון א. ר.

### פון דער נאַצ. בענעפיט קאָמיטע.

1) אַז מעמבערס וועלכע ווערען קראַנק אויף קאָנסאָמפּשאָן איידער זיי זיינען 6 מאָנאַטען אין א. ר. זאָלען זיין באַרעכטיגט צו קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט נאָכדעם ווי זיי וועלען זיין פיר 6 מאָנאַטען אין דער אָרגאַניזאַציע.

2) צו באַוויליגען פאַר האָספּיטאַלס אין די גרעסערע שטעדט די זעלבע סומע ווי לעצטען יאָהר — 5000 דאָל.

### פון דער אָפּיס קאָמיטע.

1) צו העכערען די צאָהלונגען פאַר דעם אַדמיניסטריישאָן פאָנד אויף 4 סענט פער מעמבער פער קוואַרטאַל.

2) מיטגלידער פון 3טען קלאַס זאָלען צאָהלען צום אַדמיניסטריישאָן פאָנד 8 סענט פער קוואַרטאַל אַנשטאַט 6 סענט ווי ביז יעצט.

3) צו העכערען די צאָהלונגען פאַר'ן קאָנווענשאָן פאָנד אויף 5 סענט פער מעמבער פער קוואַרטאַל.

4) אָפּצושאַפען דעם טייל פון דעם לעצטען קאָנווענשאָן רעפערענדום, וואו עס רעדט זיך וועגען שטימען דורך אינדיווידועלע באַלאָטס פאַר נאַצ. בעאַמטע און פאַר דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאָן.

5) אין ארטיקעל 9 פון אונזער קאָנסטיטושאָן זאָל ארויסגענומען ווערען דער גאַנצער פּאַראַגראַף 8 און אנשטאַט דעם זאָל צו פּאַראַגראַף 2 פון דעם זעלבען ארטיקעל צוגעזעצט ווערען: אין פאַל דער מעמבער שטאַרבט איידער די קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט איז צו איהם אויסגעצאָהלט געוואָרען, זיינען די יורשים באַרעכטיגט צו די $200 קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט.

### פון דער נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע.

1) די צאָהלונגען פאַר דעם עדיוקיישאָנאַל פאָנד זאָל בלייבען ווי ביז יעצט.

2) צו העכערען די צאָהלונגען פאַר'ן „פריינד" אויף 6 סענט פער מעמבער פער קוואַרטאַל.

---

### רעקאָמענדאַציעס פון דער נ. ב. א. ד.

1) אַז דער פאָנד פאַר'ן „פריינד" זאָל געהעכערט ווערען אויף 13 סענט א קוואַרטאַל, און דער „פריינד" זאָל ערשיינען רעגעלמעסיג מאָנאַטליך.

2) אַז די נ. ב. אָ. ד. זאָלען האָבען א רעכט צו באַשטימען ביי זייערע מיטינגען, צו שיקען דירעקטאָרען באַזוכען די ברענטשעס אין זייערע סטייטס, אויב זיי געפינען פאַר נויטווענדיג. די אויסגאַבען דערפאַר זאָלען געהן פון דעם אָרגאַניזאַציאָנס פאָנד.

## רעזאלוציאנען אנגענומען ביי דעם צוזאמענפאהר

נאמינויישאן קאנפערענץ אין ווילקעסבורג.

רעסאלוציע, וואס האבען נאר געהאט 6 מאנאטען סאניטריום, זאלען זיין בארעכטיגט צו נאך 3 מאנאטען.

---

### סיגסינעטער טעריטאריעל קאנפערענץ.

1) סיק בענעפיט זאל זיין 10 ד. א וואך אנשטאט 6 ד.

2) סיק בענעפיט זאל זיין מעהר ווי 10 ד. ווען דער בעטרעפענדער מעמבער איז ווילינג צו צאהלען דאפיר, אבער ניט מעהר ווי צוויי דריטעל פון זיינע פארדיענסטען.

3) דער א. ר. זאל שטיצען געזיכערטע קאאפעראטיווע אונטערנעמונגען מיט 50 פראצ. פון זיינע אינוועסטמענטס.

4) דער אדיטינג דעפארטמענט פון א. ר. זאל ארויסשיקען אן אדיטער איבער'ן לאנד צו באזוכען אלע בר. און אונטערזוכען זייערע ביכער.

ה. שעכטמאן, סעק.

---

### הארריסבורגער טעריטאריעלע קאנפערענץ.

עס זאל געגרינדעט ווערען א היים פאר אלטע מעמבערס און יתומים.

---

### רעקאמענדיישאנס פון ראטשעסטער דיסטריקט

1) דאס דער א. ר. זאל העכערען דעם קראנקען בענעפיט אויף 10 דאלאר א וואך.

2) די קאנווענשאן זאל ערוועהלען א קאמיטע אויסצוארבייטען פלענער צו בויען א היים פאר אלטע מעמבערס און א היים פאר יתומים פון מעמבערס.

3) א בילדינג פאנד זאל געגרינדעט ווערען פון אלע א. ר. מעמבערס פאר דיזען צוועק.

4) ראטשעסטער פארלאנגט די 1921 קאנווענשאן.

---

### רעקאמענדיישאנס פון דער לאס־אנדזשעלאסער סיטי און דיסט. קאמ.

אזוי ווי אין לאס אנדזשעלאס געפינען זיך א גרויסע צאהל שווינדזוכטקראנקע מיטגלידער פון א. ר., וועלכע זיינען אזוי הילפלאז, אז זיי מוזען אנקומען צו אונזער שטיצע. און באטש די קאנווענשאנס באווילינגען יעדעס יאהר פאר די דאזיגע קראנקע א געוויסע סומע געלד, וועלכע איז אבער ווייט ניט גענוג, און אינזערע אומגליקליכע קראנקע קומט אוים צו ליידען די שרעקליכסטע נויט, און ביי יעדער קאנווענשאן האט מען נייע הארצרייסענדע אפיעלס פאר גרעסערע שטיצע. און צי דער אפיעל איז ערפאלגרייך צי ניט — די שטיצע איז סיי ווי סיי זעהר אונבעדייטענד, און אונזערע קראנקע געהען ממש אונטער, ווייל די היגע ברענטשעס קענען ליידער זעהר ווענינ טאן פאר אזוי פיעל קראנקע. — דערפאר רעקאמענדירען מיר אן אסעסמענט פון 1 סענט א קווארטאל פאר די קראנקע, וועלכע זיינען געצוואונגען צו פארלאזען זייער היים פאר אן אנדער קלימאט. דאס געלד זאל פראפארציאנעל פארטיילט ווערען צו די רעליעף קאמיטעס פון לאס אנדזשעלאס און דענווער.

מיר אפעלירען צו אייך, פריינדע דעלעגאטען, צו זיין גערעכט צו אייער ארדען, צו אייך און צו אייערע קראנקע חברים.

חברים, אונזערע קראנקע דאפען אין ווארטען אויף אייך.

ס. ק. לאס אנדזשעלעס, ה. ל. כיומאנס, סעק.

---

### ברענטש 2.

דער קראנקען בענעפיט זאל געהעכערט ווערען פון 6 אויף 12 דאלאר א וואך.

---

### ברענטש 277

עס זאל געבויט ווערען אן אייגענע היים פאר'ן א. ר., וואו מיר זאלען האבען דער נאציאנאלער אפיס, מיטינג האלס פאר אלע נויארקער בר. און אויך א האל פאר מאסמיטינגען.

---

### ברענטש 180.

עס זאל געבויט ווערען אן אייגענע היים פאר'ן א. ר., וואס זאל קענען געבען מעהר באקוועמליכקייט פאר אונזערע מעמבערס.

---

### ברענטש 576.

עס זאל געבויט ווערען אן אייגענע היים פאר'ן ארבייטער רינג און אויך א לייבאר ליסעאום.

---

איינע פון די פראגען וועלכע וועט פארגעבראכט ווערען צו דער ווייעהרליכער קאנווענשאן פון א. ר. וועט זיין צי די נ. ב. אף ד. זאל מיטען 3 מאל א יאהר.

3 מאל א יאהר וועט זיין די רעקאמענדיישאן, וועלכע איז אנגענומען געווארען ביי דער יאנואר זיצונג פון דער נ. ב. אף ד. איך רעקאמענדיר ניט צו שטימען פאר דיזע רעקאמענדיישאנס. אנשטאט צו פארגרעסערען די צאהל פון צוזאמענפאהרען פון דער נ. ב. אף ד. זאל בעסער פארענגערט ווערען די צייט פון איהרע זיצונגען. אנשטאט מיטען 3 טעג זאל מען מיטען 4 טעג און אויב נויטיג 5 טעג. אייסער דעם גיט די קאנסטיטושאן א רעכט דער נאצ. עקז. צוזאמענצורופען א זיצונג פון דער באארד אוו דירעקטארס, ווען עס קומען אויף פראגען, וועלכע דארפען א באלדיגע ענטשיידונג. דערווייל פאר די לעצטע 6 יאהר איז נאך קיין איין מאל ניט פארגעקומען, אויף ווייטער געיאגט געווארען אי וואס די שטענדיגע ארבייט פון די דירעקטארען, ווי ענטשיידען אפעראציאנען, איבערזעהען קאמיטעען, רעפ. פון דער נאצ. עקז. גלייב איך, אז דאס איז אזא זאך, וועלכע קען ווארטען פאר די רעגולערע האלב־יעהרליכע זיצונגען פון דער נ. ב. אף ד.

א. רובין, דירעק. וויסק. סטייט.

---

### צו דער 20טער קאנווענשאן פון ארבייטער רינג:

ביי אונזער ספעשעל מיטינג פון דער באארד אוו דירעקטארס און אר... קאמ., פון דער קאאפ. געזעלשאפט פון א. ר., וועלכע פארטרעט 90 ברע... טשעס, געהאלטען דעם 7טען אפריל אין אפיס פון א. ר., איז אנגענומ... געווארען א רעזאלוציאן צו פארלאנגען פון דער קאנווענשאן, אז זי זא... שטיצען די „אידישע קאאפעראטיווע פעדעראציע” פינאנציעל און מאראלי... און אויך אז די פינאנציעלע שטיצע זאל זיין א באדייטענדע סומע, בי... וועלכער די אידישע „קאאפעראטיווע פעדעראציע” זאל ווירקליך קענ... פארגרעסערען און אויסברייטערען איהר שריפטליכע פראפאגאנדע, א... וועלכער עס נויטיגט זיך די אידישע קאאפעראטיווע פעדעראציע בפרט א... די קאאפעראטיווע באוועגונג בכלל.

ה. מענין, רעק. סעקרעטער.

---

### רעקאמענדאציע פון בר. 265.

נעהמענדיג אין אנבאטראכט, אז 6 דאלאר א וואך קראנקען בענעפי... איז ניט גענוג הילפע פאר א קראנקען מעמבער.

און אזוי ווי יעדער מעמבער, ווען אין געזונטען צושטאנד און ארבייטס... פעהיג קאן לייכט באצאהלען א העכערען טעקס, וועלכער וואלט ניטיג זיי... צו באשטימען אין פאל פון גרעסערען קראנקען בענעפיט אויסצאהלונג —

האבען מיר באשלאסען צו רעקאמענדירען צום 20 יעהרליכען קאנווענש... פון א. ר. אז קראנקען בענעפיט זאל אויסגעצאהלט ווערען וועכענטליך דאלאר אנשטאט 6.

מיר גלויבען אויך, אז דאס וועט האבען פיעל צוציהונגס־קראפט פא... נייע מעמבערס און דאמיט וועלען מיר פיעל העלפען צו פארגרעסערען ד... מעמבערשיפ פון א. ר.

י. פעטשאנאק, א. בראדקא, נ. לינעצקי, רעזאלושאן קאמ...

---

## רעזאלוציאנען אנגענומען ביי דעם צוזאמענפאהר פון די נ. ב. א. ד.

**טרויער רעזאלוציע נאך דעם פארלוסט פון מאקס פערלאוויץ.**

די נאציאנאלע באארד אוו דירעקטארען פון ארבייטער רינג, ביי איהר... זיצונג, אפגעהאלטען שבת דעם 3טען יאנואר, 1920, דריקט אוים איהר... טיעפסטען טרויער נאך דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פריינד און... חבר, מאקס פערלאוויץ.

אבוואהל א גרויסער טייל פון דער נאציאנאלער באארד אוו דירעקטארע... זיינען ערשט יעצט אריין אין אמט און האבען ניט געהאט די געלעגענהיי... צו קענען אונזער פערשטארבענעם פריינד פערזענליך האבען אבער אלע, אזה... אויסנאהם, געהערט וועגען זיין טרייהייט און איבערגעבענהייט צו די אינ... טערעסען פון אונזער ארגאניזאציאן, וועגען זיין ערנסטקייט און ליעבע... ער האט געשאנקען דער ארבייטער זאך בכלל, און דעם וואהלזיין פון אר... בייטער רינג, און ספעציעל דעם סאניטאריום בפרט.

אזוי וויפיעל זיין פריהצייטיגער טויט איז א פארלוסט פאר אונזער... ארגאניזאציע, וועט אבער די אונערמידליכע ארבייט זיינע בלייבען אן... אייביגער מאנומענט פאר זיין אנדענקונג און א הערליכער ביישפיעל פאר... דער גרויסער מיטגלידערשאפט אין אונזער ארגאניזאציע פון אונזער ארדען...

זיין געטרייסט אין דעם גרויסען פארלוסט, וועלכען מיר פיהלען אזוי... גוט ווי איהר.

מיט פר. גרוס, נאצ. באארד אוו דירעק., ארב. רינג, ל. ארקין, סעק.

* * *

### וועגען סאניטאריום.

די נ. ב. א. ד. פון ארב. רינג, ביי איהר מיטינג מאנטאג דעם 5טען... יאנואר 1920, דריקט אוים איהר צופרידענהייט און דאנק צו דער נאצ... זעה. קאמ. פאר זייער מוטהיגע און ריכטיגע שטעלונג וואס זיי האבען גע... נומען אין דער סאניטאריום פראגע אין צייט פון „הונגער סטרייק”.

מיר מוזען קיין מאל ניט דערלאזען, אז דער פאציענט וואס קומט... זיך היילען אין סאניטאריום זאל זיך מישען אין דער פארוואלטונג... פון סאניטאריום, און צו דערזעלבער צייט ניט אויספאלגען די אינסטרוק... ציאן פון דאקטאר. עס האט געמוזט גענומען ווערען שריטע צו זעהן, אז... געוויסע עטליכע טוסעל־מאכער זאל דער סאניטאריום ניט צוגעמאכט ווערען... און צוליעב עטליכע פערזאנען זאלען אזוי פיעל אומשולדיגע ניט ליידען.

מיט דער בראווער האנדלונג פון דער עקזעק. האבען זיי באוויזען אז זיי... זיינען וירדיג פעדיגע מענשען צו פערוואלטען די געשעפטען פון א. ר.... און מיר דריקען דערמיט אוים א דאנק צו זיי.

מיט גרוס: נאצ. באארד אוו דירעקטארען.

ל. ארקין, סעק.

* * *

### וועגען דיסטריקט קאמיטעס.

אין אנבעטראכט דאס מיט דעם בעשלוס פון דער קאנווענשאן צו אר... גאניזירען דיסטריקט און סיטי קאמיטעס, איז אוועגעדריקט געווארען דער... געדאנק, אז די ברענטשעס אין די דיסטריקטען זאלען ארבייטען געמיינ... שאפטליך, וואס דאס וועט ברענגען גרויסע נוצען דעם א. ר. בכלל און די... ברענטשעס בפרט.

און אין אנבעטראכט דאס געוויסע ברענטשעס ענטזאגען זיך אנצושלי... סען אן די דיסטריקט קאמיטעס, צוליעב קליינליכע שנאות אדער פערזענ... ליכע צענקערייען, וואס שטעהט ביי זיי העכער ווי די אינטערעסען פון א. ר.... זיי עס בעשלאסען —

אז די נ. ב. א. ד. ביי איהר מיטינג, מאנטאג דעם 5טען יאנואר, 1920... פאדערט אויף אלע ברענטשעס פון איבער'ן לאנד, זיך אנשליסען אן די... דיסטריקט און סיטי קאמיטעס, יעצט מעהר ווי אימער פאדערט זיך אונזער... אחדות, אונזערע פעראייניגטע קרעפטען, און מיר האפען דאס די ברענטשעס... איבער'ן לאנד פערשטעהען די וויכטיגקייט פון יעצטיגען מאמענט, אז מיט... פעראייניגטע קרעפטען צו ארבייטען פאר אונזער אלעמענס באליעבטען... ארדען, וועלען מיר דערגרייכען די געווינשטע רעזולטאטען.

מיט גרוס, נאצ. באארד אוו דירעקטארען.

ל. ארקין, סעק.

# רעפּאָרט פון דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע

י. דינערשטיין, טשערמאַן; י. עבעריל, וויים טשערמאַן.
אב. עפּשטיין, פּ. יודיטש און קרינסקי.

## צו די דעלעגאַטען פון דער 20טער קאָנווענשאַן און צו אַלע מיטגלידער פון אַ. ר.

ווערטהע פריינד!

די אָרג. קאָמ. האָט זיך אינסטאַלירט דזשון דעם 5טען. די ערשטע פראַגע איז געווען ניט נאָר אַנצוהאַלטען און בעפעסטיגען די אַלטע פּאָזיציאָנען, נאָר אויך פערברייטערען אונזער טעטיגקייט און פאַרגרעסערען בעדייטענד די מעמבערשיפּ.

מיר האָבען אויך גענומען אין אַנבעטראַכט אַז דיזער יאָהר איז דער 20 יאָהריגער עקזיסטענץ פון אַ. ר. און די קאָנווענשאַן וועט זיין אַ יובילעאום קאָנווענשאַן, מיר האָבען פאַרשטאַנען די וויכטיגקייט וואָס אַזאַ קאָנווענשאַן מיינט און מיר האָבען בעשלאָסען אַנצופיהרען אַ קעמפּיין פאַר נייע 20 טויזענד מעמבערס.

מיר האָבען אַנגעווענדעט אַלע מיטלען, אַז דיזער קעמפּיין זאָל זיין ערפאָלגרייך. אָבער די צייט איז געווען אַזאַ, אַז אונזערע שטרעבונגען האָבען ניט געקענט פאָלקאָם פערווירקליכט ווערען. אָבער מיר האָבען ניט געשפּאָרט אונזער צייט און מיה צו העלפען אַנהאַלטען די געווינסען פון די לעצטע יאָהרען און אויך פערשטאַרקען דעם אַ. ר. מאַכען איהם גרעסער און איינפלוסרייכער, און טיילוויז האָט זיך דאָס אונז איינגעגעבען. עס איז פיעל צו פערדאַנקען אונזערע דיס. און סיטי קאָמ. בר. און מעמבערס פאַר דעם ערפאָלג פון דיזען יאָהר.

### דער קאַמפּיין פאַר 20 טויזענד נייע מעמבערס.

גלייך נאָך דעם ווי מיר זיינען אינסטאַלירט געוואָרען האָבען מיר בעשטימט אַנצופאַנגען דעם קאַמפּיין פאַר 20 טויזנד מעמבערס. די נאַצ. אָרג. קאָמ. האָט גלייך זיך געשטעלט אין פערבינדונג מיט די ברענטשעס און סיטי און דיסטריקט קאָמ. וואו זיי זיינען אויפגעפאָדערט געוואָרען צו זעהן אַז דער מעמבערשיפּ קאַמפּיין זאָל זיין ערפאָלגרייך. מיר האָבען געפיהלט, אַז דיזער יאָהר וועט קענען געטאָן ווערען אַרבייט. מיר האָבען געגלויבט אַז אויב לעצטען יאָהר האָבען מיר געקענט קומען צום קאָנווענשאַן מיט איבער 70 טויזענד מעמבערס, ווען די צייט איז געווען אַ שרעקליכע, וועלען מיר דיזען יאָהר זיכער זיין ערפאָלגרייך. חוץ דעם זיינען מיר געווען זיכער אַז אין אַ יובילעאום יאָהר וועלען אונזערע מעמבערס אַרויסצייגען אַן אויסערגעוועהנליכע אַנשטרענגונג און טעטיגקייט. אָבער אויך דיזער יאָהר איז די צייט געווען אַ אויסערגעוועהנליכע און פיליכט נאָך ערגער פון לעצטען יאָהר און עס איז געווען זעהר שווער דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין צו פאָלקאָם פערווירקליכען.

צוליעב דיזען קעמפּיין האָבען מיר געדרוקט ספּעציעלע פּאָסטערס, געשריבען אין דער פּרעסע, מיר האָבען אויך אין פיעלע שטעדט אַראַנזשירט מאַססמיטינגען און קאָנצערטען. ווען מיר שרייבען דיזען רעפּאָרט ווייסען מיר ניט גענוי די רעזולטאַטען פון דעם מעמבערשיפּ קעמפּיין. איין זאַך איז אָבער זיכער, אַז מיר וועלען קומען צום קאָנווענשאַן מיט 16,000 טויזענד נייע מעמבערס.

### די שטעדט און בר. וואָס אָרגאַנייזערס האָבען בעזוכט

ביי דער לעצטער קאָנווענשאַן איז אויסגעדריקט געוואָרען אַ פערלאַנג, אַז עס זאָלען אַנגעשטעלט ווערען אָרגאַנייזערס אויף איינינגע מאָנאַטען צו בעזוכען שטעדט, ברענטשעס און טאָן אָרג. אַרבייט. די אָרג. קאָמ. האָט דיזע פראַגע ערנסט פערהאַנדעלט און מיר זיינען געקומען צום בעשלוס, אַז טראָץ דעם וואָס מיר גלויבען אַז אָרגאַנייזערס וואָלטען געקענט טאָן גוטע אַרבייט, מוז אָבער אַן אָרגאַנייזער וויסען גוט דעם אַרב. רינג. קענען ענטפערען אויף אַלע אַ. ר. פראַגען, און אַזוינע מענשען איז זעהר שווער צו קריגען. אין מיר האָבען בעשלאָסען אַז די ברענטשעס איבער'ן לאַנד זאָלען בעזוכט ווערען פון מעמבערס פון דער עקזעק. קאָמ., וועלכע האָבען בעזוכט די פאָלגענדע שטעדט: אַלבאַני, ברידזשפּאָרט, פּעטערסאָן, וואָטערבורי, סירעקיוז, ראָטשעסטער, ניו לאָנדאָן, ניו הייווען, האַרטפאָרד, פּראָווידענס, באַלטימאָר, פילאַדעלפיא, טרענטאָן, נוארק, בירמענטאָן.

מיר האָבען אָרגאַנזשירט 3 ספּעציעלע טורס אין די סאַוטה, אין מידעל וועסט, אין קאַנאַדאַ. אין דער סאַוטה זיינען באַזוכט געוואָרען די שטעדט: אַטלאַנטאַ, טשאַטאַנוגאַ, בירמינגהאַם, מעמפיס, שריפּאָרט, דאַלאַס, פּאָרטוואָירט, וויקאָ, סען־אַנטאָניאָ, יוסטאָן, ניו אָרליענס, דזשעקסאָנוויל, סאַוואַנאַ, ריטשמאָנט און נאָרפאָלק. אין די מידעל וועסט — טאָלידאָ, שיקאַגאָ, מילוואָקי, דעלוט, סענט־פּאָול, מיניאַפּאָליס, סיו־סיטי, אָמאַהאַ, לינקאָלן, סענט־דזשאָזעף, קענזעס סיטי, סענט־לואיס, אינדיאַנאַפּאָליס, קאָלאָמבוס, פּיטסבורג, ניו קענזינגטאָן. אין קענעדע — לאָנדאָן, האַמילטאָן, טאָראָנטאָ און מאָנטרעאָל.

דער הויפּט צוועק פון באַזוכען די שטעדט און ברענטשעס איז געווען אויפצולעבען די טעטיגקייט פאַר דעם קאַמפּיין פאַר נייע מעמבערס און צו שאַפען די 50 טויזענד דאָלאַר פאַר דעם רעליעף. אין פיעלע שטעדט איז אויך אויסגעקומען צו שליכטען סכסוכים אין די ברענטשעס. מיר גלויבען אַז די רעזולטאַטען זיינען געווען גוטע.

### סיטי און דיסטריקט אָרגאַניזאַציאָנס־קאָמיטעען

אונזערע דיסט. און סיטי קאָמ. איבער'ן לאַנד האָבען דיזען יאָהר אונטער די שרעקליכע אומשטענדען, וועלכע האָבען געהערשט אין לאַנד געאַרבייט זעהר שווער, אָבער זיי זיינען טריי און איבערגעבען געשטאַנען אויף זייער פּאָסטען און ניט געשפּאָרט קיין צייט און מיה און האָבען ערפילט די פליכטען וועלכע איז אויף זיי אַרויפגעלייגט געוואָרען. זיי האָבען באַזוכט די ברענטשעס אין זייערע דיסטריקטען און האָבען אויפגעמונטערט די מעמבערס צום מעמבערשיפּ און רעליעף קאַמפּיין, און אויך געזעהן, אַז וואָס וועניגער מעמבערס זאָלען געשטראָכען ווערען. זיי האָבען אויך געזעהן, אַז די ברענטשעס זאָלען זיך אָפּרופען אויף יעדע וויכטיגע געזעלשאַפטליכע ערשיינונג סיי אין זייער דיסטריקט און אויך פון גאַנצען לאַנד. די צוזאַמענשטעלונג פון דיזע קאָמיטעען איז געווען אויף דיזעלבע יסודות, ווי פאָריגען יאָהר. אין גאַנצען האָבען מיר 33 דיסט. קאָמ. איבער'ן לאַנד.

ביי דיזער געלעגענהייט הריקען מיר אויס אונזער דאַנק צו אַלע דיסט. און סיטי קאָמ., וועלכע האָבען אונז פיעל מיטגעהאָלפען אין דער אַרבייט. זיי האָבען זיך אָפּגערופען אויף יעדען רוף פון דער אָרג. קאָמ. זיי האָבען ניט נאָר געטאָן אַרבייט, וועלכע האָט געטראָגען אַ ריין אַ. ר. כאַראַקטער, נור זיי האָבען אויך געטאָן אַלגעמיינע געזעלשאַפטליכע אַרבייט. מיר קענען מיט שטאָלץ זאָגען, אַז אונזערע קאָמיטעס זיינען אין פיעלע שטעדט די איניציאַטאָרען און טאָנגעבער אין יעדער וויכטיגער פראַגע.

מיר גלויבען אַז די אָרדנונג און פריינדליכע באַציהונגען, וועלכע הערשט אין די ברענטשעס און דיסט. קאָמ. האָט פיעל מיטגעהאָלפען צו דער אָרג. אַרבייט דיזען יאָהר. פאָלגענדע שטעדט האָבען אַם מייסטענס אויסגעצייכענט אין אונזער אַרבייט: נוּיאָרק, פילאַדעלפיא, נואַרק, שיקאַגאָ, מילוואָקי, באַלטימאָר, פּיטסבורג און קענעדע.

(זעה טאַבעלע וועגען סיטי און דיסט. קאָמ.)

### פאַראייניגונג און אויפלעזונג פון ברענטשעס.

דיזען יאָהר איז אונז אויך אויסגעקומען אויפצולייזען איינינע ברענטשעס. דאָס האָבען מיר אָבער געטאָן נאָך דעם ווי מיר האָבען אַנגעווענדעט אַלע מיטלען אויפצולעבען די ברענטשעס, און ווען מיר האָבען זיך איבערצייגט אַז זיי קענען מעהר ניט עקזיסטירען, האָבען מיר געזעהן זיי צו פאַראייניגען מיט אַנדערע ברענטשעס אָדער מיר האָבען טראַנספערירט די מיטגלידער פון די אויפגעלייזטע ברענטשעס אין אַנדערע ברענטשעס. אין פּעטערסאָן זיינען מיר געווען געצוואונגען אויפצולעזען בר. 192. און אַט וואָס ס'האָט פּאַסירט: אין מאָנאַט דזשון האָט זיך צו אונז געווענדעט אַ קאָמ. פון אַ געוויסער צאָהל פּעטערסאָנער וועבער בעלי־בתים, מיטגלידער פון אַ. ר., מיט אַן

## דער צואוואוקס אדער פארלוסט פון ברענטשעס און מעמבערס אין יעדען פון די דיסטריקט קאמיטעס אין 1919.

| סיטי און סטייט | צאהל ברענטשעס: אנפאנג יאהר | ענדע יאהר | צואוואוקס | פערלוסט | צאהל מעמבערס: | ענדע יאהר | פערלוסט | צואוואוקס | אויסגאבען פון יע־דער דיסט. קאמ. |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| אלבאני, נ. י. | 6 | 6 | — | — | 522 | 525 | 3 | — | 35.34 |
| באפאלא, נ. י. | 6 | 6 | — | — | 400 | 415 | 15 | — | 34.50 |
| וועסטטשעסטער, נ. י. | 8 | 8 | — | — | 453 | 516 | 63 | — | 47.89 |
| ניו יארק, נ. י. | 228 | 252 | 24 | — | 28747 | 34320 | 5573 | — | 723.23 |
| סיראקיוז, נ. י. | 5 | 5 | — | — | 471 | 480 | 9 | [illegible] | — |
| ראטשעסטער, נ. י. | 3 | 3 | — | — | 585 | 644 | 59 | — | 10.00 |
| האדסאן, נ. דזש. | 10 | 10 | — | — | 1181 | 1375 | 194 | — | 103.38 |
| נוארק, נ. דזש. | 26 | 27 | 1 | — | 2836 | 3419 | 583 | — | 383.44 |
| פעטערסאן, נ. דזש. | 11 | 11 | — | — | 1644 | 1636 | — | 8 | 46.00 |
| פראווידענס, ר. א. | 5 | 5 | — | — | 492 | 518 | 26 | — | 67.38 |
| פילאדעלפיא, פא. | 45 | 47 | 2 | — | 5383 | 6792 | 1409 | — | 486.56 |
| פיטסבורג, פא. | 9 | 12 | 3 | — | 1040 | 1259 | 219 | — | 87.25 |
| ברידזשפארט, קאנ. | 5 | 5 | — | — | 629 | 566 | — | 63 | 14.25 |
| הארטפארד, קאנ. | 9 | 10 | 1 | — | 1176 | 1243 | 67 | — | 110.25 |
| וואטערבורי, קאנ. | 3 | 3 | — | — | 231 | 226 | — | 5 | — |
| ניו־הייווען, קאנ. | 7 | 7 | — | — | 857 | 957 | 100 | — | 135.25 |
| ניו־לאנדאן, קאנ. | 4 | 4 | — | — | 175 | 189 | 14 | — | — |
| דעטראיט, מישיגען | 13 | 10 | — | 3 | 1531 | 1512 | — | 19 | 255.33 |
| מילוואקי, וויסק. | 7 | 6 | — | 1 | 717 | 652 | — | 65 | 150.50 |
| מינעאפאליס, מינ. | 10 | 9 | — | 1 | 543 | 599 | 56 | — | 246.10 |
| מעין דיסטריקט | 4 | 5 | 1 | — | 214 | 358 | 144 | — | 64.80 |
| באלטימאר, מד. | 14 | 15 | 1 | — | 1508 | 1599 | 91 | — | 88.71 |
| נארפאלק, ווא. ס.ס.ק. | 6 | 6 | — | — | 426 | 572 | 146 | — | 20.22 |
| שיקאגא, איל. | 46 | 52 | 6 | — | 4134 | 5591 | 1457 | — | 498.85 |
| סינסינעטי, אהייא | — | 8 | — | — | — | 490 | — | — | — |
| קליוולאנד, אהייא | 8 | 9 | 1 | — | 837 | 1025 | 188 | — | 85.00 |
| סט. לואיס, מיז. | 4 | 4 | — | — | 275 | 358 | 83 | — | 134.91 |
| קענזעס סיטי, מיז. | 4 | 4 | — | — | 361 | 357 | — | 4 | — |
| אמאהא, נעבראסקא | — | 5 | — | — | — | 371 | — | — | 21.00 |
| טעקסעס און לואיזיאנא | — | 8 | — | — | — | 436 | — | — | — |
| לאס אנדזשעלעס, קאליפ. | — | 3 | — | — | — | 474 | — | — | 52.81 |
| סאן פראנציסקא, קאליפ. | — | 2 | — | — | — | 206 | — | — | — |
| וויניפעג, קאנאדא | 3 | 3 | — | — | 241 | 212 | — | 29 | — |
| טאראנטא, קאנאדא | 8 | 8 | — | — | 673 | 693 | 20 | — | 63.75 |
| מאנטרעאל, קאנאדא | 3 | 4 | 1 | — | 212 | 563 | 351 | — | 266.95 |

## די צאהל אויפגעלייזטע ברענטשעס און ברענטשעס וואס האבען זיך פאראייניגט מיט אנדערע ברענטשעס אין 1919

| סיטי און סטייט | ברענטש נומער | אין וועלכען קוורט. אויפגעליוזט | צאהל מעמבערס ווען אויפגעליוזט | צאהל מעמבערס וואס האבען זיך טראנספערירט צו אנד. בר. | צאהל מעמבערס וואס זיינען געווארן מעמ. עט לארדזש | מיט וועלכען בר. האט זיך דער אויפגעליוז. בר. פעראייניג. |
|---|---|---|---|---|---|---|
| ניו־יארק, נ. י. | 108 | 76 | 39 | 39 | — | 61 |
| ניו־יארק, נ. י. | 161 | 74 | 28 | 28 | — | 183 |
| ניו־יארק, נ. י. | 219 | 74 | 81 | 81 | — | 61 |
| ניו־יארק, נ. י. | 401 | 74 | 91 | 91 | — | 61 |
| ניו־יארק, נ. י. | 421 | 77 | 30 | 30 | — | 510 |
| ניו־יארק, נ. י. | 601 | 76 | 7 | — | 7 | מ. עט ל. |
| קאמילוס, נ. י. | 326 | 77 | 21 | 21 | — | 274 |
| ניאגארא פאלס, נ. י. | 332 | 77 | 22 | — | 22 | מ. עט ל. |
| דעטראיט, מישיגאן | 203 | 77 | 23 | 9 | 12 | — |
| העקענסאן, נ. דזש. | 329 | 76 | 19 | — | 19 | מ. עט ל. |
| לואיסטאן, מעין | 358 | 74 | 41 | 41 | — | 171 |
| אבאראן, מעין | 521 | 74 | 40 | 40 | — | 171 |
| באטה, מעין | 546 | 77 | 7 | — | 7 | מ. עט ל. |
| ריטשמאנד, ווא. | 536 | 71 | 26 | 26 | -- | 120 |
| לאס אנדזשעלעס, קאלפ. | 559 | 71 | 60 | 60 | -- | 218 |
| ספרינגפיעלד, איל. | 561 | 77 | 21 | — | 21 | מ. עט ל. |
| [illegible] | 593 | 75 | 16 | - | 16 | מ. עט ל. |

רסלעהונג, אז זיי פיהלען זיך ניט גאר באקוועם אין די ברענ־
שעס צוזאמען מיט די וועבער־ארבייטער, און דארום פאר־
אנגען זיי א באזונדער בר. פון בעלי־בתים, אדער מיר זאלען
יי וועניגסטענס ערלויבען צו ווערען מעמבערס עט לארדזש, און
וזוי ווי זיי האבען דערצו יעדענפאלס א קלאב פון וועבער־באַ־
עס אין פעטערסאן, וועט דאס פאר זיי זיין צופרידענשטע־
ענד. מיר האבען זיי געענטפערט, אז כאטש אין א. ר. ווערט
יט געמאכט קיין אויסזעצונג געגען א מיטגליד בלויז דערפאר
ייל ער איז אליין א מאנופעקטשורער אין זיין פאך, קענען
יר אבער קיין באזונדערע פריווילעגיעס פאר אזעלכע ניט מא־
ען און קיין באזונדערע באסעס ברענטשעס ניט ערלויבען.

שפעטער, ביי דעם עקז. מיטינג אין נאוועמבער, האבען
יך ווידער געווענדעט 2 קאמיטעס פון פעטערסאן: איינע פון
ר. 192, האט ערקלערט, אז די סכסוכים אין זייער בר. צווי־
שען ארבייטער און בעלי־בתים זיינען שוין אזוועק אזוי ווייט,
אז עס איז אונמעגליך אפצוהאלטען א פארזאמלונג אין פאסענ־
דער ארדנונג. זיי האבען דארום פארלאנגט, אז די נאצ. עקז.
זאל אהין שיקען א ספעציעלע קאמיטע צו זעהן וואס דארט קומט
פאר און צו האנדלען אין דער אנגעלעגענהייט. א צווייטע —
פון דער פעטערסאנער דיסט. קאמ. — האט דערביי ערקלערט,
אז די זעלבע לאגע, נאר אפשר אביסעל אין א קלענערער מאס,
איז איצט אין פיעלע פעטערסאנער ברענטשעס, און אז די עקז.
דארף דיזע לאגע ערנסט באטראכטען. די האנדלונג אין שייכות
צו בר. 192 קען געוויס אויך האבען א היבשע ווירקונג אויף די
סכסוכים אין די אנדערע ברענטשעס.

לויט דעם באשלוס פון דער עקז. איז די פראגע איבערגע־
געבען געווארען צו אונזער קאמיטע. מיר האבען גערופען א
ספעציעל מיטינג פון בר. 192 און אהין געשיקט אונזערע פאר־
טרעטער, ביי וועלכען זיי האבען אויסגעפונען פאלגענדען באַ־
דויערענסווערטען סך הכל:

א באדייטענדע צאהל וועבער־באסעס, וועלכע זיינען אין די
לעצטע פאר יאהר אויסגעוואקסען און וועלכע פיהלען זיך שוין
ניט אזוי „באקוועם" צווישען די ארבייטער מיטגלידער, האבען
זיך באשאפען זייער אייגענע ארגאניזאציע אין דעם א. ר. בר.
192א, מיט דעם צוועק צו פארטרייבען דעם פונדאמענטאלען
כאראקטער א. ר. גייסט פון בר. און אנשטאט דעם צו לאזען
הערשען די דיקטאטור פון זייער אינערליכער ארגאני־
זאציע לויט דעם גייסט פון זייער אויסערליכען באסעס־קלאב,
אדער מאנופעקטשורערס אסס'ן.

מען פלעגט קומען צו די מיטינגען מיט ערוועהלטע טשער־
מייטע און מיט פארטייגע באשליסע, און א דאנק זייער שטענ־
דיגען טעראר פלעגען פיעלע פון די ארבייטער גאר פארלאזען
די פארזאמלונגען און די ארגאניזירטע מאיאריטעט פון די באַ־
סעס פלעגט ווערען נאך שטארקער און זייערע טשערלייטע
פלעגען פשוט „רולען" אויסער ארדער יעדע פראגע וואס איז זיי
ניט געווען צום הארצען אדער יעדע קלאגע וועלכע האט ניט
געשטימט מיט זייערע אינטערעסען.

אונזער קאמיטע האט אפגעשאצט די ערנסטקייט פון דער
לאגע און געזוכט א וועג ווי פון איהר פטור צו ווערען. מיר
האבען צוערשט באשלאסען, אז 8 מיטגלידער, די הויפט אפי־
סערס פון דער „בעל־הבית'ישער" פראקציע זאלען טראנספער־
רירט ווערען אלס מעמבערס עט לארדזש. מיר האבען געגלויבט
אז דורך דעם וועט זייער ארגאניזאציע אין בר. טיילווייז גע־
בראכען ווערען. ביי א צווייטען מיטינג פון זייער בר. האט
אונזערער א פארטרעטער פאר זיי קלאר געמאכט דעם צוועק פון
אונזער באשלוס. מיר האבען זיי דערביי פארזיכערט, אז אויב
די עקזיסטענץ פון זייער אינערליכער ארגאניזאציע וועט אויפ־
געגעבען ווערען, וועלען מיר די זעלבע ערלויבען אריינצונעה־
מען צוריק אין בר., אויב אבער דער זעלבער ארגאניזירטער
טעראר וועט אנהאלטען אויף ווייטער, וועלען מיר אויך די אנ־
דערע שטערער פון בר. ארויסנעהמען.

דער קאמף פון דער באסעס ארגאניזאציע איז אבער נאך
דעם אוועק נאך ווייטער, זייער טענה איז געווען אז קיינע באַ־
שליסע פון אונזער קאמיטע וועלען זיי ניט אנערקענען, און צו־
זאמען מיט די 7 מיטגלידער, וועלכע זיינען ארויסגענומען גע־
ווארען פון בר., פלעגט מען אלץ קומען צו די מיטינגען און אויף
א סקאנדאליעזען אופן ניט דערלאזען אז די מיטינגען זאלען
זאנאר געהאלטען ווערען.

מיר האבען שפעטער דארום קיין אנדער אויסוועג ניט

# ארגאניזיישאן פאנד

## איינגאהמען און אויסגאבען פאר דעם יאהר 1919 אין פארגלייך מיט 1917 און 1918.

| | 1917 | 1918 | 1919 |
|---|---|---|---|
| באלאנס פון פאריגען יאהר — — | | | |
| דעפיציט פון לעצטען יאהר — — | $ 296.07 | $ 618.72 | $ 40.97 |
| **איינגאהמען:** | | | |
| דיוס פון מעמבערס — — — — | 4,664.25 | 6,480.09 | 7,328.52 |
| סך הכל — — — — — | $4,368.18 | $5,861.87 | $7,287.55 |
| פערלוסט פון געשטראכענע מעמ. | 105.73 | 63.54 | 106.18 |
| טאטאל נעט איינגאהמע | $4,262.45 | $5,797.83 | $7,181.87 |
| **אויסגאבען:** | | | |
| ניו יארק סטייט — — — — — | $1,047.57 | $ 867.12 | $1,076.08 |
| ניו דזשוירזי סטייט — — — — | 278.09 | 210.62 | 545.49 |
| פענסילווייניא סטייט — — — | 419.26 | 518.75 | 607.81 |
| קאנעקטיקוט סטייט — — — | 257.76 | 212.78 | 307.50 |
| מערילענד סטייט — — — — | 73.86 | 142.20 | 88.71 |
| אילינאיס סטייט — — — — — | 181.90 | 238.45 | 487.85 |
| ראוד איילאנד סטייט — — — — | 47.69 | 74.52 | 67.88 |
| מישיגאן סטייט — — — — — | 95.04 | 142.58 | 337.68 |
| אהייא סטייט — — — — — | 17.00 | 64.50 | 108.70 |
| וויסקאנסין סטייט — — — — | 98.60 | 78.50 | 151.25 |
| מיזורי סטייט — — — — — | 41.50 | 38.30 | 184.91 |
| ווירדזשיניא סטייט — — — — | 28.20 | 1.35 | 20.22 |
| מינעסאטא סטייט — — — — — | 146.62 | 196.55 | 285.60 |
| דיסטריקט אוו קאלאמביא — — — | 42.46 | —— | —— |
| מעין סטייט — — — — — | 76.55 | 77.78 | 64.80 |
| טעקסעס סטייט — — — — — | —— | 92.35 | 5.56 |
| אייאווא און נעבראסקא סטייטס | —— | —— | 21.85 |
| קאנאדא ארגאניזאציאנס ארבייט | 156.85 | 138.80 | 880.70 |
| קאליפארניא סטייט — — — — | 42.00 | 66.52 | 67.81 |
| **אלגעמיינע ארגאניזאציאנס ארבייט:** | | | |
| סאווענירס צו פארשל. פון נייע מעמ. | 239.45 | 184.35 | 832.15 |
| קאמיטעס — — — — — — — | 695.43 | 681.25 | 790.50 |
| רעילראוד פעירס — — — — — | 466.97 | 545.61 | 737.24 |
| צייט־פערלוסט פון קאמ. מעמ. — | 308.00 | 256.00 | 450.50 |
| סטיישאנערי און פרינטינג — — | 58.87 | 728.75 | 367.10 |
| טעלעפאן און טעלעגראף — — — | 10.13 | 11.07 | 22.03 |
| אדווערטייזינג — — — — — | 9.80 | 36.00 | 26.20 |
| פאסטעדזש — — — — — — | 1.26 | —— | 12.53 |
| עקספרעסעדזש — — — — — — | 1.56 | —— | 19.16 |
| בערשיעדענעס — — — — — — | 38.75 | 42.00 | 185.29 |
| רענט פאר מיטינג רומס — — — | —— | 9.00 | 50.00 |
| קאנדידאטען עקזאמינעישאנס — | —— | 18.50 | —— |
| קאנצערטען — — — — — — | —— | 170.10 | 319.82 |
| טאטאל אויסגאבען — — | $4,881.17 | $5,838.80 | $8,517.42 |
| באלאנס — — — — — | —— | —— | —— |
| גרענד טאטאל — — — | —— | —— | —— |
| דעפיציט — — — — | $ 618.72 | $ 40.97 | $1,336.05 |

געקענט געפינען און מיר האבען דעם בר. 192 אינגאנצען אויפ־געלייזט און דער גרעסטער טייל פון זייערע מיטגלידער זיינען צולעצט פון אונז ארגאניזירט געווארען אין א גאנץ נייעם בר. אונטער דעם נומער 421. (זעה טאבעלע וועגען אויפגעלעזטע בר.)

## טראנספערירטע, געשטראכענע און מעמבערס עט לארדזש

דיזען יאהר איז אונז אויך אויסגעקומען צו האנדלען וועגען טראנספערירען מעמבערס פון איין בר. צום צווייטען. פילע ברענטשעס האבען זיך ענטזאגט צו געבען טראנספערס צו זייערע מעמבערס צו אנדערע ברענטשעס. מיר האבען אין יעדען פאל באזונדער די זאך אונטערזוכט און אנגעפרעגט ביים בר. און ווען מיר האבען געזעהן, אז דער פארלאנג פון מעמבער איז געווען א גערעכטער, האבען מיר איהם א טרענספער באַוויליגט. מיר זיינען אין מאנכע פעלע געווען געצוואונגען צו מאכען איינינע מעמבערס אלס מעמבערס עט לארדזש. מיר האבען דאס נאר דאן געטאן, ווען מיר האבען קיין אנדער אויס־וועג ניט געהאט. אין אזוינע פעלע האבען מיר אליין, אדער דורך אונזערע דיסט. און סיטי קאמ. די זאך אונטערזוכט און דאן ארויסגעגעבע [אונזער ענטשיידונג.

לויט דעם באשלוס פון דער לעצטער יאהריגער ארג. קאמ., וועלכע האט באשלאסען אז א געוויסער טייל מעמבערס וועלכע האבען ערקלערט, אז זיי קענען מעהר אין בר. 135 ניט זיין, ווייל זיי מיטען אין אן אנדער טייל שטאדט, זאל זיי טרענס־פערס באוויליגט ווערען, ווען זיי וועלען גרינדען א נייעם בר. אזא בר. האבען זיי געגרינדעט, און זיי האבען פארלאנגט טרענס־פערס, און זייער פארלאנג איז באוויליגט געווארען. דער בר. האט פארלאנגט, אז מיר זאלען זיי צאהלען 50 סענט פאר יע־

# אינטעלליגענץ? 

# אינצעלהייטען וועגען די געשטראכענע מעמבערס

| זייער בעשעפטיגונג | צאהל מעמבערס |
|---|---|
| אפערייטארס — — — — — — — — | 179 |
| ביזנעסלייט — — — — — — — — | 690 |
| בעקערס — — — — — — — — — — | 118 |
| הויז ארבייטער: אנדערע קלאסען 44 } קראס 3 — — 320 | 364 |
| וועבערס — — — — — — — — — | 48 |
| ליבאריערס — — — — — — — — | 207 |
| לעדער ארבייטער — — — — — — — | 12 |
| מאשיניסטען — — — — — — — — | 231 |
| מיינערס — — — — — — — — — | 52 |
| מעטאל ארבייטער — — — — — — — | 204 |
| פאריערס — — — — — — — — — | 12 |
| פיינטערס און פייפער הענגערס — — — | 185 |
| פרינטערס — — — — — — — — — | 41 |
| פרעסערס — — — — — — — — — | 91 |
| ציגארען מאכער — — — — — — — | 55 |
| קאטערס — — — — — — — — — | 104 |
| קארפענטערס — — — — — — — — | 269 |
| קלוירקס — — — — — — — — — | 402 |
| שוסטערס — — — — — — — — — | 103 |
| שניידערס — — — — — — — — — | 727 |
| אנדערע בעשעפטיגונגען — — — — — | 278 |
| סך הכל — — — — — | 4712 |

**ווי לאנג זיי זיינען געווען מעמבערס אין אר. רינג**

| צייט | צאהל | פראצענט פון 100 % |
|---|---|---|
| ווייניגער פון 6 מאנאטען — — — — — — | 600 | 12.7 |
| צווישען 6 מאנאט און 1 יאהר — — — — | 857 | 18.2 |
| צווישען 1 יאהר און 2 יאהר — — — — | 781 | 16.6 |
| צווישען 2 יאהר און 3 יאהר — — — — | 770 | 16.4 |
| צווישען 3 יאהר און 4 יאהר — — — — | 391 | 8.3 |
| צווישען 4 יאהר און 5 יאהר — — — — | 244 | 5.2 |
| צווישען 5 יאהר און 6 יאהר — — — — | 213 | 4.5 |
| צווישען 6 יאהר און 7 יאהר — — — — | 183 | 3.9 |
| צווישען 7 יאהר און 8 יאהר — — — — | 120 | 2.5 |
| צווישען 8 יאהר און 9 יאהר — — — — | 110 | 2.3 |
| צווישען 9 יאהר און 10 יאהר — — — — | 148 | 3.1 |
| צווישען 10 יאהר און 11 יאהר — — — — | 120 | 2.5 |
| צווישען 11 יאהר און 12 יאהר — — — — | 57 | 1.2 |
| צווישען 12 יאהר און 13 יאהר — — — — | 52 | 1.1 |
| צווישען 13 יאהר און 14 יאהר — — — — | 7 | .1 |
| צווישען 14 יאהר און 15 יאהר — — — — | 12 | .3 |
| צווישען 15 יאהר און 16 יאהר — — — — | 28 | .6 |
| צווישען 16 יאהר און 17 יאהר — — — — | 4 | .1 |
| צווישען 17 יאהר און 18 יאהר — — — — | 8 | .2 |
| צווישען 18 יאהר און 19 יאהר — — — — | 2 | .05 |
| צווישען 19 יאהר און 20 יאהר — — — — | 3 | .07 |
| צווישען 20 יאהר און 21 יאהר — — — — | 2 | .05 |
| סך הכל — — — — | 4712 | 100. |

| | |
|---|---|
| פערהייראטע — — — — — — — — | 3331 |
| אומפערהייראטע — — — — — — | 1381 |
| סך הכל — — — — — — — | 4712 |

| עלטער | צאהל מעמבערס |
|---|---|
| 18 | 16 |
| 19 | 25 |
| 20 | 63 |
| 21 | 101 |
| 22 | 113 |
| 23 | [illegible] |
| 24 | [illegible] |
| 25 | [illegible] |
| 26 | 203 |
| 27 | 221 |
| 28 | [illegible] |
| 29 | 270 |
| 30 | [illegible] |
| 31 | 210 |
| 32 | 220 |
| 33 | 235 |
| 34 | [illegible] |
| 35 | 193 |
| 36 | 161 |
| 37 | 170 |
| 38 | 150 |
| 39 | 132 |
| 40 | 99 |
| 41 | 71 |
| 42 | 52 |
| 43 | 51 |
| 44 | 33 |
| 45 | 31 |
| 46 | 22 |
| 47 | 13 |
| 48 | [illegible] |
| 49 | [illegible] |
| 50 | 5 |
| 52 | 1 |
| 53 | 1 |
| 54 | 1 |
| 57 | 1 |
| 60 | 1 |
| ס"ה | 4712 |

**די געשטראכענע מעמבערס וואס האבען בעלאנגט צום ארבייטער רינג נישט מעהר ווי 4 קווארטאלען**

| ווען זיי זיינען געשטראכען געווארען | ווייניגער פון 6 מאנאטען: צאהל | ווייניגער פון 6 מאנאטען: פראצענט פון 100 % | ווייניגער פון איין יאהר: צאהל | ווייניגער פון איין יאהר: פראצענט פון 100 % |
|---|---|---|---|---|
| אין 74טען קווארטאל — | 89 | 1.9 | 161 | 3.4 |
| אין 75טען קווארטאל — | 201 | 4.3 | 128 | 2.7 |
| אין 76טען קווארטאל — | 200 | 4.3 | 282 | 6.0 |
| אין 77טען קווארטאל — | 110 | [illegible] | [illegible] | 6.0 |

דען מעמבער, וועלכען מיר האבען טרענספערירט. לויט דעם באשלוס פון בר. איז ווען א מעמבער טרענספערירט זיך פון זיין, דארף ער איינצאהלען 50 סענט צום בר. מיר האבען זיי ערקלערט, אז די ארג. קאמ. האט א רעכט אין אזוינע פעלע צו האנדלען און טרענספערירען מעמבערס ווען זי געפינט פאר נויטיג. די מעמבערס דארפען צאהלען אלע שולדען, אבער ניט די 50 סענטיגע. (זעה טאבעלע וועגען געשטראכענע מעמבערס).

## נייע ברענטשעס און טעטיגקייט צווישען די יוניאנס.

מיר האבען דיזען יאהר אינסטאלירט 37 ברענטשעס. מיר האבען דיזען יאהר אויך געזוכט צו גרינדען טרייד יוניאן-ברענטשעס, ווי צ. ב. די מאטראצען מאכער און פיינטערס אין נויארק, פאריערס אין נוארק, אמאלגאמייטעד אין ראטשעסטער און שיקאגא. מיר ווילען אויך דערמאנען דאס בר. 600, וועלכער באשטעהט פון מילינערי ארבייטער, האט דיזען יאהר אריינגענומען ביי 70 נייע מעמבערס אין דאס האט נאך [illegible] פארשטארקט דעם געדאנק, אז עס איז ווינשענסווערט [illegible] נויטווענדיג צו פארשפרייטען וואס מעהר פראפאגאנדע [illegible] א. ר. אין די יוניאנס, אום די מיטגלידער פון די יוניאנס [illegible] פארשטעהן די וויכטיגקייט פאר זיי צו באלאנגען צום א. ר.

## סכסוכים און ברענטשעס.

דיזען יאהר איז אונז אויסגעקומען צו שליכטען סכס[illegible] אין ברענטשעס. מיר גיבען אייך אן איניגע פעלע פון [illegible] פיעלע סכסוכים, וועלכע מיר האבען געהאט דיזען יאהר. א געוויסען בר. אין מינעסאטא סטייט האט דער סעק. ערק[illegible] אז ער האט די ביכער געשיקט אין אפיס פאר אן אונטערזוכ[illegible] און דער אפיס האט די ביכער ניט באקומען. דער סעק. [illegible] ניט געקענט באווייזען אז ער האט ווירקליך די ביכער געש[illegible] די מעמבערס האבען ערקלערט אז זיי האבען געצאהלט [illegible]

ערע שורהדע, און ווען זיי האָבען געדאַרפט באַצאָהלען זייערע
בות האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז עס פעהלט געלט. אַ גרויסע
יל מעמבערס האָט פאַרלאַנגט אַז מיר זאָלען פון זיי גרינדען
אָדער בר. אָדער מיר זאָלען באַצאָהלען זייערע חובות,
וכע האָבען באַטראָפען די סומע פון 130 דאָל. מיר האָבען
ערקלערט אַז מיר האָבען קיין פאָנד פאַר דעם און דער סעק.
ף געזעצליך פאַרפאָלגט ווערען אויב ער האָט דאָס געלד
גנומען, און וועגען גרינדען פון זיי אַ בר., האָבען מיר זיי
קלערט, אַז אַזוי ווי זיי זיינען אַ מאַיאָריטעט אין בר. אין
טואַם אַז זיי זאָלען בלייבען אין בר. פאַרטרעטער פון דער
ענטער דיסט. קאָמ. האָבען אייניגע מאָל באַזוכט דיזען בר.
; אַלעס איז געשליכטעט געוואָרען צופרידענשטעלענד.

אין אַ געוויסען בר. אין מיזורי סטייט פלעגען אַלטע קראַנקע מעמבערינס זיין עקזעקוטיווע מעמבערינס פון בר. און פלעגען שטימען אין אַלע פראַגען. פיעלע מעמבערס זיינען געווען דאַ-געגען, ערקלערענדיג, אַז אַזוי ווי די אַלטע קראַנקע מעמבערינס צאָהלען ניט קיין לאָקאַלע דיוס און קענען דאַפיר ניט שטימען אין קיינע לאָקאַלע פראַגען. מיר האָבען זיי ערקלערט אַז זיי זאָלען באַשטימען אַז די אַלטע קראַנקע מעמבערינס זאָלען צאָהלען אַ געוויסען לאָקאַל דיוס אום זיי זאָלען קענען נעהמען אַנטייל אין אַלע לאָקאַלע פראַגען.

מיר גלויבען אַז אַלע סכסוכים זיינען געבעטערט געוואָרען צום וואָהל און בעסטען פון א. ר.

## דער צואוואוקס אָדער פערלוסט פון מעמבערס פון יעדען סטייט פאַר'ן יאָהר 1919.

| מעמבערשיפ — געשטאָרבענע מעמבערס — % | מעמבערשיפ — געשטאָרבענע מעמבערס — צאָהל | מעמבערשיפ — נייע מעמבערס — % | מעמבערשיפ — נייע מעמבערס — צאָהל | מעמבערשיפ — פערלוסט — % | מעמבערשיפ — פערלוסט — צאָהל | מעמבערשיפ — צואוואוקס — % | מעמבערשיפ — צואוואוקס — צאָהל | מעמבערשיפ — ענדע יאָהר | מעמבערשיפ — אָנפאַנג יאָהר | ברענטשעס — [illegible] | ברענטשעס — [illegible] | ברענטשעס — ענדע יאָהר | ברענטשעס — אָנפאַנג יאָהר | סטייט |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 13.0 | 161 | 30.3 | 375 | — | — | 19.8 | 245 | 1481 | 1236 | — | 2 | 14 | 12 | ייזאַ |
| 2.6 | 3 | 16.7 | 19 | — | — | 12.4 | 14 | 128 | 114 | — | — | 2 | 2 | יאָוואַ |
| 11.7 | 476 | 17.2 | 1927 | — | — | 35.8 | 1459 | 5540 | 4081 | — | 5 | 52 | 47 | ינאָיז |
| 10.9 | 19 | 30.3 | 53 | — | — | 18.8 | 33 | 208 | 175 | — | — | 4 | 4 | דיאַנא |
| 7.4 | 2 | 111.1 | 30 | — | — | 103.8 | 28 | 55 | 27 | — | — | 1 | 1 | אַבאַמא |
| 3.0 | 2 | 24.2 | 8 | — | — | 27.3 | 9 | 42 | 33 | — | — | 1 | 1 | עגאָן |
| 6.0 | 12 | 27.0 | 54 | — | — | 16.5 | 33 | 233 | 200 | — | — | 3 | 3 | לאָרידאַ |
| 5.4 | 19 | 20.0 | 71 | — | — | 15.8 | 56 | 411 | 355 | — | — | 1 | 1 | סטריקט אָוו קאָלומביא |
| 5.6 | 11 | 7.7 | 15 | — | — | 5.1 | 10 | 205 | 195 | — | — | 1 | 1 | לעווער |
| 17.1 | 19 | 57.7 | 64 | — | — | 45.5 | 50 | 161 | 111 | — | 1 | 2 | 1 | שינגטאָן |
| 11.9 | 54 | 36.3 | 164 | — | — | 32.9 | 149 | 601 | 452 | 1 | — | 6 | 7 | רדזשיניא |
| 13.6 | 3 | 18.1 | 4 | — | — | 4.5 | 1 | 23 | 22 | — | — | 1 | 1 | סט ווירדזשיניא |
| 10.8 | 65 | 19.6 | 124 | — | — | 9.0 | 57 | 689 | 632 | — | — | 7 | 7 | סקאָנסין |
| 8.6 | 17 | 13.7 | 27 | — | — | 5.6 | 11 | 208 | 197 | — | — | 2 | 2 | נעסי |
| 7.5 | 17 | 20.8 | 47 | — | — | 11.5 | 26 | 252 | 226 | — | — | 6 | 6 | קסאַס |
| 11.4 | 4 | 22.9 | 8 | — | — | 14.3 | 5 | 40 | 35 | — | — | 1 | 1 | טאַה |
| 14.3 | 11 | 33.8 | 26 | — | — | 20.8 | 16 | 93 | 77 | — | — | 2 | 2 | איזיאַנא |
| 16.0 | 97 | 44.6 | 271 | — | — | 34.0 | 207 | 815 | 608 | — | 1 | 9 | 8 | זורי |
| 13.8 | 59 | 35.1 | 150 | — | — | 24.4 | 104 | 531 | 457 | — | — | 7 | 7 | נעסאָטא |
| 18.6 | 231 | 25.5 | 321 | — | — | 8.1 | 102 | 1360 | 1258 | 1 | — | 9 | 10 | שיגען |
| 7.3 | 22 | 17.6 | 52 | — | — | 4.3 | 13 | 311 | 301 | 2 | — | 5 | 7 | ין |
| 13.1 | 198 | 16.7 | 252 | — | — | 6.0 | 91 | 1599 | 1508 | — | 1 | 15 | 14 | רילענד |
| 7.8 | 433 | 22.7 | 1349 | — | — | 14.9 | 890 | 6843 | 5953 | — | 1 | 53 | 52 | דזשוירזי |
| 5.6 | 3 | 24.1 | 13 | — | — | 7.4 | 4 | 58 | 51 | — | — | 1 | 1 | העמפשייר |
| 6.8 | 2163 | 24.9 | 7967 | — | — | 18.9 | 6027 | 37900 | 31873 | — | 7 | 280 | 273 | יאָרק |
| 3.2 | 1 | 3.2 | 1 | — | — | — | — | 31 | 31 | — | — | 1 | 1 | טה דאַקאָטא |
| 10.4 | 22 | 26.5 | 56 | — | — | 15.2 | 32 | 243 | 211 | — | — | 3 | 3 | בראַסקאַ |
| 25.0 | 12 | 58.3 | 28 | — | — | 15.8 | 22 | 70 | 48 | — | — | 1 | 1 | אַריזאָנא |
| 12.1 | 772 | 33.9 | 2170 | — | — | 22.3 | 1431 | 7836 | 6405 | — | 2 | 59 | 57 | נסילווייניא |
| 14.8 | 86 | 21.8 | 131 | — | — | 19.8 | 119 | 720 | 601 | — | 1 | 7 | 6 | יפאָרניא |
| 17.8 | 216 | 47.8 | 579 | — | — | 30.5 | 370 | 1582 | 1212 | — | 2 | 19 | 17 | נעדע |
| 8.8 | 262 | 16.7 | 500 | — | — | 6.1 | 188 | 3181 | 2993 | — | — | 29 | 29 | נעקטיקוט |
| 5.0 | 5 | 13.0 | 13 | — | — | 11.0 | 11 | 111 | 110 | — | — | 1 | 1 | לאָראַדאָ |
| 19.2 | 7 | 8.8 | 5 | 1.5 | 2 | — | — | 55 | 57 | — | — | 2 | 2 | נטאַקי |
| 12.2 | 60 | 18.5 | 91 | — | — | 5.3 | 26 | 518 | 492 | — | — | 5 | 5 | אָד איילאַנד |
| — | — | — | — | — | — | — | — | 1393 | 1355 | — | — | — | — | מבערס עט לאַרדזש |

## אָרגאַניזאַציאָנס און עדיוקיישאָנאַל אַרבייט.

די אָרג. און עדיוק. אַרבייט זיינען ענג פאַרבונדען, און
בער מאָל איז שווער פאַנאַנדערצוטיילען וואָס עס איז אָרג.
וואָס איז עדיוק. אַרבייט. דיזען יאָהר האָבען מיר געהאַט
גע מאַסמיטינגען און קאָנצערטען צוזאַמען מיט דער
ק. קאָמ. איבער'ן לאַנד. אין נויאָרק, באַלטימאָר, נוואַרק
נאָך אייניגע שטעדט. אַלע מאַסמיטינגען און קאָנצערטען
ן געווען אַ גרויסער ערפאָלג. מיר גלייבען אַז נעקסטען
וועט נאָך מעהר אַרבייט דאַרפען געטאָן ווערען פון ביידע
טעס צוזאַמען.

## אונזער אָרגאַניזאַציאָנס פאָנד.

ביז 1920 איז דער אַסעסמענט פאַר'ן אָרג. פאָנד געווען 3 סענט פער קוואַרטאַל פער מעמבער. קוויט דער מעמבערשיפ ביז יאַנואַר 1920 האָט דיזער אַסעסמענט אַריינגעבראַכט קאַר-גע 8000 דאָלאַר. עס פאַרשטעהט זיך, אַז פאַר אַזאַ גרויסע שטאַרקע אָרגאַניזאַציאָן ווי דער א. ר. איז אַזאַ אָרגאַניזאַציאָנס-פאָנד איינפאַך לעכערליך. איבערהויפט ווען מען נעהמט אין אַנבעטראַכט, אַז מיר האָבען איבער'ן לאַנד 33 סיטי און דיסט. קאָמ., וועלכע האָבען געקראָגען פון אָפיס פאַר זייער אָרגאַני-זאַציאָנס טעטיגקייט 4,328 דאָל. און דאָס איז ניט צופיעל. די אויסגאַבען אויף פּרינטינג, אַדווערטייזינג א. ז. וו. איז היינ-טיגען יאָהר געשטיגען און ווי עקאָנאָמיש מיר האָבען זיך ניט געסטאַרעט צו זיין האָבען מיר געמוזט דאַרויף אויסגעבען אַ סומע פון 2,279 ד. פאַרשטעהט מען דאָך, אַז פאַר דירעקטע אויסגאַבען פאַר דער נאַצ. אָרג. קאָמ., ווי טורס, מאַסמיטינגען און קאָנצערטען בלייבט גאַנץ ווייניג.

## די איינטיילונג פון אונזערע מעמבערס נאָך זייער עלטער

| עלטער | צאָהל נייע מעמבערס | צאָהל געשטראָבענע און געשטאָרבענע דורכ'ן יאָהר | צאָהל מעמבערס ענדע יאָהר | דער בעטרעף פון דער אינשורענס |
|---|---|---|---|---|
| | | מעמבערשיפּ | | |
| 18 | 84 | 21 | 63 | $ 13,900 |
| 19 | 139 | 25 | 137 | 25,300 |
| 20 | 260 | 63 | 318 | 68,500 |
| 21 | 477 | 103 | 748 | 154,100 |
| 22 | 718 | 145 | 1301 | 254,600 |
| 23 | 928 | 211 | 1855 | 368,500 |
| 24 | 1001 | 244 | 2432 | 496,800 |
| 25 | 1134 | 280 | 2939 | 621,900 |
| 26 | 1106 | 309 | 3462 | 739,300 |
| 27 | 1019 | 335 | 3398 | 748,100 |
| 28 | 1160 | 318 | 3685 | 845,000 |
| 29 | 965 | 291 | 3889 | 926,500 |
| 30 | 1077 | 313 | 4535 | 1,093,400 |
| 31 | 545 | 262 | 4157 | 1,069,600 |
| 32 | 878 | 231 | 4436 | 1,181,600 |
| 33 | 786 | 257 | 4113 | 1,235,900 |
| 34 | 803 | 273 | 4468 | 1,293,400 |
| 35 | 771 | 202 | 4064 | 1,194,100 |
| 36 | 608 | 173 | 3540 | 1,050,400 |
| 37 | 610 | 176 | 3430 | 1,025,400 |
| 38 | 522 | 166 | 2919 | 878,400 |
| 39 | 359 | 145 | 2956 | 909,500 |
| 40 | 263 | 117 | 2774 | 700,000 |
| 41 | 147 | 80 | 1850 | 588,800 |
| 42 | 222 | 60 | 1641 | 518,600 |
| 43 | 178 | 63 | 1412 | 450,600 |
| 44 | 154 | 49 | 1159 | 373,900 |
| 45 | 40 | 43 | 890 | 287,700 |
| 46 | | 32 | 717 | 243,900 |
| 47 | | 15 | 568 | 189,900 |
| 48 | | 15 | 462 | 158,400 |
| 49 | | 11 | 359 | 122,200 |
| 50 | | 13 | 273 | 89,000 |
| 51 | | 2 | 223 | 73,800 |
| 52 | | 4 | 149 | 50,200 |
| 53 | | 2 | 130 | 44,600 |
| 54 | | 4 | 87 | 31,000 |
| 55 | | 1 | 48 | 17,200 |
| 56 | | | 40 | 14,400 |
| 57 | | 1 | 11 | 4,200 |
| 58 | | 2 | 17 | 5,800 |
| 59 | | | 2 | 600 |
| 60 | | 2 | 2 | 600 |
| 61 | | 1 | | |
| 62 | | | | |
| 63 | | | 1 | 200 |
| 64 | | | 3 | 600 |
| 65 | | | | |
| 66 | | | 1 | 200 |
| 67 | | | 1 | 200 |
| טאָטאַל | 16963 | 5063 | 75450 | $20,161,400 |

דורכשניטליכער עלטער פון דער מעמבערשיפּ — — — 33.0

דורכשניטליכער עלטער פון די נייע מעמבערס — — — 29.7

דורכש. עלט. פון געשטראָבענע און געשטאָרבענע מעמ. — 31.0

## צאָהל ברענטשעס אינסטאָלירט אין 1919

| ביזי און סטייט | ברענטש נומער | אין וועלכען קוואָרטאַל | צאָהל מעמבערס: נייע | צאָהל מעמבערס: אַלטע פון אַנדערע ברענטשעס |
|---|---|---|---|---|
| ניו־יאָרק, נ. י. | 61 | 74 | 7 | 176 |
| " " | 141 | 74 | 27 | — |
| " " | 229 | 75 | 33 | — |
| " " | 329 | 77 | 31 | 1 |
| " " | 375 | 76 | 134 | 1 |
| " " | 454 | 74 | 26 | — |
| " " | 511 | 74 | 33 | — |
| " " | 536 | 77 | 56 | — |
| " " | 550 | 77 | 91 | — |
| " " | 593 | 77 | 43 | — |
| " " | 616 | 74 | 25 | — |
| " " | 618 | 75 | 58 | — |
| " " | 620 | 74 | 25 | — |
| ברוקלין, נ. י. | 334 | 75 | 25 | — |
| אַסטאָריאַ, ל. י., נ. י. | 559 | 77 | 29 | — |
| פילאַדעלפיאַ, פּאַ. | 574 | 75 | 32 | 2 |
| פילאַדעלפיאַ, פּאַ. | 164 | 76 | 54 | 2 |
| בייווער־פאָלס, פּאַ. | 255 | 74 | 40 | 43 |
| שיקאַגאָ, איללינאָיז | 617 | 75 | 20 | 1 |
| " " | 377 | 75 | 39 | 1 |
| " " | 401 | 77 | 28 | 11 |
| " " | 472 | 75 | 24 | — |
| " " | 477 | 74 | 30 | 3 |
| ס. שיקאַגאָ, איל. | 601 | 77 | 25 | - |
| לייקוואוד, נ. דזש. | 524 | 75 | 17 | - |
| ניו בראַנזוויק, נ. דזש. | 108 | 77 | 17 | — |
| סטייבענוויל, אָהייאָ | 563 | 74 | 25 | 10 |
| קליוולאַנד, אָהייאָ | 296 | 74 | 23 | 3 |
| באַלטימאָר, מד. | 480 | 74 | 27 | 2 |
| לואיסטאָן, מעין | 605 | 75 | 17 | — |
| סאַן־דיעגאָ, קאַליפאָרניאַ | 171 | 74 | — | 88 |
| פרעסנאָ, קאַליפאָרניאַ | 358 | 77 | 6 | 18 |
| טאַקאָמאַ, וואַשינגטאָן | 619 | 77 | 16 | - |
| קאַנזאַס־סיטי, מאָ. | 578 | 74 | 23 | — |
| וועסט טאָראָנטאָ, קענעדע | 584 | 75 | 29 | — |
| מאָנטרעאַל, קענעדע | 219 | 77 | 34 | 2 |
| | 335 | 74 | 39 | — |
| טאָטאַל | 37 נייע בר. | — | 1208 | |

די טאָטאַל אויסגאַבען פאַר דער צייט, וואָס מיר זיינען אין אַמט פון דזשון 1919 ביז דעם מאָמענט ווען דיזער באַריכט ווערט געשריבען, איז געווען $8,046 מיט 23 סענט (די אַלע 3 טירס האָבען געקאָסט 1,006 ד.) און אָבוואָהל ווען דיזע צייטען ווערען געשריבען איז אין אָרג. פאָנד פאַראַן אַ דעפיציט פון 1291 ד., וועט אָבער דיזער דעפיציט שנעל נעדעקט ווערען פון דעם פאַרגרעסערטען אָרג. פאָנד, ווייל ווי באַוואוסט איז פון דעם ערשטען יאַנואַר 1920 די צאָהלונג פאַר קוואָרטאַל פאַר מעמבער פאַר'ן אָרג. פאָנד 4 סענט. אַזאַ אַססעסמענט וועט אַריינברענגען אַ טאָטאַל סומע פון קאַרגע 11,000 ד. און אָבוואָהל זאָגאַר אַזאַ סומע איז ניט צופיעל פאַר'ן א. ר., דענקען מיר אָבער, אַז זי וועט זיין גענוגענד אַנצופיהרען אַ רעגעלמעסיגע אָרג. טעטיגקייט און מיר רעקאָמענדירען, אַז דיזע צאָהלונג פאַר'ן אָרג. פאָנד זאָל בלייבען אויך פאַר'ן נעקסטען יאָהר.

אין אַלגעמיין ווען מען נעהמט אין אנבעטראַכט די שרעקליכע אין אומנאָרמאַלע צייט, אונטער וועלכער אונז איז אייננעקומען צו אַרבייטען דיזען יאָהר, קענען מיר מעהר אָדער ווייניגער זיין צופרידען מיט די רעזולטאַטען מיט וועלכע מיר קומען צום קאָנווענשאָן.

מיר האָבען געטאָן דאָס בעסטע אונטער די אומשטענדען, מיר האָבען געטאָן וואָס עס איז נאָר מעגליך געווען צו מאַכען דעם א. ר. שעהנער, גרעסער, איינפלוסרייכער.

מיר באַגריסען די דעלעגאַטען צו דער 20טער יעהרליכער קאָנווענשאָן, און מיר ווינשען אַז ביי דיזער קאָנווענשאָן זאָל הערשען האַרמאָניע, און אַלע באַשליסע זאָלען זיין פאַר דעם וואָהל און בעסטען פון א. ר.

מיר דאַנקען אַלע מיטגלידער פאַר דעם צוטרוי וואָס זיי האָבען צו אונז געהאַט, און מיר האָפען אַז נעקסטען יאָהר וועט די צייט זיין אַ בעסערע, אַז מעהר אַרבייט זאָל קענען געטון ווערען, און עס זאָל זיין איין שטאַרקער און מעכטיגער א. ר.

מיט פריינדליכען גרוס,

נאַצ. אָרג. קאָמ. א. ר.



נואַבקער קאָנוועגשאָן אַראַנדזשמענט קאָמיטע

ערשטע רייהע פון רעכטס צו לינקס: ב. אָלינסקי, י. אַלפּערט, מ. מינדלין, ה. אַוערבאַך, ה. לין, מ. ראַבינאָוויץ, ר. פיש.
צווייטע רייהע פון רעכטס צו לינקס: ב. גילמאַן, ד. טאָק, ס. קאָהן, דזש. שטיינבערג, דזש. ראָס, ב. געקער, מ. זאַקס, ל. וואַנמאַן.
דריטע רייהע: א. גאָלדבערג, ס. דוואָרקין, מ. טשערנילא, ב. קאַפּלאַן, דזש. אַפּעל, א. העק, ל. יאַנאָוויטץ, ה. ריטש, פ. פיינבערג.

# אפיס קאמיטע באריכט

יעפים ישורין, טשערמאן דזש. מ. ראזענבלאט, וו. טשערכאן.
מ. אייבראמס, נ. פריימאן.

צו די דעלעגאטען פון דער צוואנציג יעהרליכער קאנווענשאן און צו אלע מעמבערס פון ארבייטער רינג

## פארווארט

ווערטע פריינדע:

דער א. ר. ווערט באוואונדערט פון דער גאנצער וועלט פאר דעם ריזיגען פראגרעס, וואס דיזע ארגאניזאציאן האט געמאכט אין פארלויף פון די צוואנציג יאהר פון איהר עקזיסטענץ, און ווערט געשטעלט אלס א מוסטער פון פעהיגקייט און ארגאניזאציאנס־קענטשאפט, וועלכע דער א. ר. האט ארויסגעוויזען, ווערענדיג פארוואלטעט פון געוועהנליכע מענשען — ארבייטער.

מיר ווילען ניט גרינגשעצען די ארבייט פון די איבעריגע קאמיטעען, וועלכע האבען פארדיענסטע פאר זייער גוטע ארבייט און מיט וועלכע מיר האבען געמיינשאפטליך געארבייט אין פארלויף פון לעצטען יאהר, אבער עס איז אן ערפרעהענדער פאקט, אז אזא ריזיגער געשעפט ווי דער א. ר., וועלכער מאכט אן „אבאראט" פון איבער א מיליאן דאללאר א יאהר, האט אלס זיינע אדמיניסטראטארס געהאט מענשען פון דעם געוועהנליכען דורכשניט.

די מיטגלידער פון דער אפיס קאמ. פרעטענדירען ניט צו זיין קיין גרויסע געשעפטס־לייט, ניט האבענדיג קיין ערפארונג אין דער וועלט פון די „פינאנס־לייבען", און דאך האט די אפיס קאמ. זיך געספראוועט מיט איהר אויפגאבע צו פאר־וואלטען דעם אפיס און זיין אין נאהענטער פארבינדונג מיט דער גרויסער צאהל א. ר. בראנטשעס, וועלכע זיינען צוזייט און צוטיילט איבער'ן גאנצען לאנד.

ווען מיר זיינען אינסטאלירט געווארען האבען מיר באגרי־פען אונזערע אויפגאבען און מאנכע פון אונז האבען שוין גע־האט די ערפאהרונג אין דער א. ר. פארוואלטונג.

אונזער ציעל איז געווען אוועקצושטעלען דעם אפיס אויף אזא שטופע, אז עס זאל זיין 100 פראצ. עפישענט, אז די בר. פון א. ר. זאלען באדאנערט ווערען אויף דעם פינקטליכסטען אופן, די ארבייט פון אפיס זאל סיסטעמאטיזירט ווערען אויף דעם מאדערנסטען שטייגער און האבענדיג דאס אלעס פאר־ווירקליכט, זאלען די אויסהאלטונג־קאסטען אויף ווי ווייט מעג־ליך עקאנאמיזירט ווערען.

### דער צושטאנד פון אפיס

אונזער ערשטער שריט איז געווען באקאנט צו ווערען מיט דער צוזאמענשטעלונג פון אונזער אפיס, ד. ה., מיט דער מא־שינערי, וועלכע איז איינגעטיילט אין פארשידענע דעפארט־מענטס: 1) בוכקיפינג; 2) מעמבערשיפ; 3) סיק־בענעפיט; 4) סטאטיסטיקאל; 5) אודיטינג; 6) העטיער; 7) „פריינד"־דעפארטמענט.

דער דזש. סעק., פר. באסקין, האט אונז איבערגעגעבען זיין מיינונג וועגען דעם אפיס און האט צו אונז רעקאמענדירט איינינע אויסבעסערונגען, וועלכע האבען זיך געפאדערט. און צוזאמען מיט אויסבעסערונגען, וועלכע זיינען באשלאסען גע־ווארען פון דער אפיס קאמ., זיינען זיי אין פארלויף פון דיזען יאהר דורכגעפיהרט געווארען.

מיר מוזען אויפמערקזאם מאכען, אז מיט דעם וואוקס פון א. ר., צוקריגענדיג יעדען יאהר אזוי פיעל נייע מיטגלידער, ווערט די ארבייט פון אפיס וואס א טאג מעהר קאמפליצירט און פאדערט מעהר אנשטרענגונג, אויפמערקזאמקייט און הויפט־זעכליך מעהר אחריות. דער דורכשניטליכער מעמבער פון א. ר. באגרייפט ניט די ריזיגע ארבייט מיט וועלכע די ביזנעס פון א. ר. איז פארבונדען און מיט וויפיעל עקסטרא ארבייט עס איז פארבונדען יעדער נייער באשלוס פון די קאנווענשאנס און רעפערענדומס.

וואס אנבאלאנגט די איינפיהרונג פון פראטווירגאל רייטס און די ענדערונגען וועלכע זיינען געמאכט געווארען יעדען יאהר, ביז וואנען די נארמאלע צאהלונגען־גועלען איינגעפיהרט ווערען, איז שוין אפגערעדט. דאן איז באשלאסען געווארען אז די בראנטשעס זאלען קרעדיטירט ווערען מיט דעם מארטשואריי פאנד פאר זייערע געשטראכענע מעמבערס, וואס האט געפא־

רערט ספעציעלע ארבייט.

די קוועדיטס פאר די געדראפטעטע מעמבערס האבען [...] אורזאכט ניט ווייניג ארבייט פאר'ן אפיס, ספעציעל ווען [...] בראנטשעס האבען אזוי ווייניג אויפמערקזאמקייט געשאנ[...] צו די אויפרופען און בריעף וועלכע זיינען מעהרערע מאל [...] שיקט געווארען אין פארבינדונג מיט דעם, פארלאנגענדיג [...] די סעקרעטערע צו באריכטען וועגען די יעניגע מיטגליד[...] וועלכע זיינען באפרייט געווארען פון מיליטער דיענסט.

ספעציעלע אויפמערקזאמקייט פארדיענט די ארבייט [...] דעם סיק בענעפיט דעפארט., וועלכער האט היינטיגען [...] נעיארפט דורכמאכען די אינפלוענציע עפידעמיע. סיק [...] נעפיט סערטיפיקייטס האבען געשטראמט אין אפיס און [...] האט זיך געפאדערט א ספעציעלע אנשטרענגונג פון דעם [...] סטעף דיזען דעפארטמענט צו ברייננען צו דער נארמא[לער] ארדנונג.

מיר קענען געוויסענהאפט זאגען, אז דער צושטאנד [...] דעם אפיס איז א צופרידענשטעלענדער, דאס מיינט ניט [...] זאגען אז עס איז ניטא קיין פלאץ פאר ווייטערדיגע אויסבעס[ע]רונגען, צו גוט איז קיין ברעג ניטא, און אזעלכע אויסבע[ס]רונגען ווערען געמאכט פון צייט צו צייט, ווען מען שט[...] זיך אן אויף פארשידענע איבלען, וועלכע זיינען ניט אומ[...] מיידליך אין אזא גרויסען אפיס.

דער נאציאנאל סעקרעטער, פר. באסקין, דער רעקאר[דינג] סעקרעטער, פר. גערבער, און אלע אנגעשטעלטע אין [...] פארדיענען א קאמפלימענט פאר דער צופרידענשטעלענ[דער] ארבייט זייערער אין פארלויף פון לעצטען יאהר, וועלכער געווען אזא ערפאלגרייכער אין דער געשיכטע פון א. ר.

### אויסבעסערונגען אין אפיס.

עס איז זעהר שווער איבערצוגעבען די אלע אויסב[עסע]רונגען וועלכע זיינען פון צייט צו צייט געמאכט געווארען [...] די פארשידענע דעפארטמענטס; ווייל דאס וואלט געמיינ[ט] פארנעהמען איינינע בויגען פון „פריינד", וואס מיר ק[...] זיך ניט ערלויבען צוליעב דעם מאנגעל און פרייז פון פאפ[יר].

מיר ווילען אבער דערמאנען איינינע וועלכע זיינען [...] אינטערעסאנט פאר די דעלעגאטען און מעמבערס פון א.[ר.]

אן אונאנגענעהמער צושטאנד האט געהערשט אין מעמבער[...] דעפ. דערמיט וואס טויזענדע מעמב. פון א. ר. האבען ניט א[...] געבען אין זייערע אפליקיישאנס ווער עס זאלען זיין ז[ייערע] יורשים און די וואס זיינען אריינגעטראטען אין א. ר. [...] ניט פארחייראט, האבען אנגעגעבען אלס זייערע יורשים [...] בע, וועלכע זיינען ניט זייערע נאהענטסטע קרובים, [...] איז א ווייב און קינדער צו א פארחייראטען און עס זיינען [...] געווען פעלע, ווען א פרוי פון א פארשטארבענעם מעמבער [...] ניט געקענט באקומען די ירושה צוליעב דער פארנאכלעס[יגונג] פון פארשטארבענעם מעמבער, וועלכער האט פארנאכלע[סיגט] זיין רעכט צו ענדערען אין זיין אפליקיישאן ווער עס זאל [...] דער יורש.

געהמענדיג דאס אין אנבאטראכט האט די אפיס [...] פאראדערט נאכצוזעהן אלע אפליקיישאנס וועלכע געפינע[ן זיך] אין אפיס און ארויסשיקען אזעלכע ליסטען מיט די נעמע[ן ...] די מיטגלידער וועלכע האבען ניט קיין בענעפישערים און וועלכע האבען, ווי זייערע עי פרויען און זייערע קינדער [...] אנדערע פארוואנדטע.

מיר האבען ערווארטעט, אז די בר. סעקרעטערע וועלען נדיימען די וויכטיגקייט פון דיזער ארבייט און וועלען [...] דיזע אויסבעסערונגען, אבער זעהר א קליינע צאהל בראנט[שעס] האבען עס ערפילט, טראץ דעם וואס די אפיס קאמ. האט [...]גען דעם איינינע מאל ארויסגעשיקט בריעף. מיר האבען [...] געזעצט אונזער ארבייט און יעדער בראנטש איז אויפג[...]דערט ווערען צו נעהמען שריטע אום צו פארמיידען מענ[...] אומאנגענעהמליכקייטען אין דער צוקונפט פאר די פאמיליע[ן] די מיטגלידער און פאר די בראנטשעס.

פאר דער באקוועמליכקייט פון די סעקרעטערע [...] אויסגעמאכט געווארען טשארדזש־סליפס פאר מעמבערס [...] בע טראנספערירען זיך פון א נידעריגען קלאס אין א העכע[רען]

די יעהרליכע באריכטען פון א. ר. צו די פארשידענע סטייטס
ר דער א. ר. איז געטשארטערט, ענטהאלטען אויך א ליסט
די מיטען קליימס וועלכע זיינען אויסשטעהענד אין אונ-
ע טאבעלען, וועלכע ווען מען זאל זיי קאפּירען פאר יעדען
ט באזונדער וואלטען פארנומען א היבש ביסעל צייט
דעם גאנצען סטעף, זיינען דיזען יאהר פאטאגראפירט גע-
רען און זיינען מיט דער צושטימונג פון דעם אינשורענס
פארטמענט צוגעשטעלט געווארען פאטאגראפיש. דיזע ענ-
רונג איז געווען אן אונגעהייערע פארלייכטערונג פאר'ן אפיס.
אויף דער רעקאמענדאציאן פון דער אפיס קאם. און מיט
צושטימונג פון דער נאצ. עקז. קאם. ווערט פארלאנגט פון
ע מעמבערס וועלכע ווערען פארגעשלאגען אין דער
טער פון 38 ביז 45 יאהר אן אפידייוויט, אנשטאט דעם ווי
געווען פריהער אין דער עלטער פון 38 ביז 40 יאהר.
די אפיס קאם. האט רעקאמענדירט צו דער נאצ. עקז.
צו טשארדזשען די מיטגלידער פון דעם קלאס 1-„איי“,
כע טראגען אן אינשורענס פון 1000 דאל. פאר די איבעריגע
דאל. אינשורענס מיט מארטשוארי פאנד, אויסער די 4.00
פאר איינטריט געלד. ווייל אזוי שנעל ווי אזא פאליסי
ט ארויסגעגעבען, נעהמט דער א. ר. אויף זיך א ריסק פון
דאל. און דארום איז עס ניט יושר'דיג צו רעכענען נור
איינטריטס געלד. דיזע רעקאמענדיישאן איז גוטגעהיי-
סען געווארען פון דער נאצ. עקז. קאם.
אין פארבינדונג מיט דעם באשלוס פון לעצטען רעפערענדום
ען מעמבערס פון קלאס 1, וועלכע זיינען אריין אין א. ר. איי-
די פּראטיזיאנאל רייטס זיינען אריין אין קראפט אין דער
ער פון 34 יאהר און העכער, זאלען ניט צאהלען מעהר ווי
דאל. פאר 400 דאל. און דער באלאנס זאל געדעקט ווערען
דעם איינס פּראצ. פאנד, האט די אפיס קאם. איינגעזעהן,
דיזעס זאל דורכגעפיהרט ווערען אין לעבען, וועט עס
באקקען די וואלויאיישאן פון א. ר., ווייל דער אונ-
טיד וועלכער וואלט געדארפט געדעקט ווערען פון דעם
פּראצענט פאנד וואלט באטראפען א צו גרויסע סומע.
מיר האבען זיך אויך בעראטען וועגען דעם מיט אונזער
אדווייזער, גענ. מ. לאנדאן, וועלכער האט אונז געזאגט,
ער אינשורענס דעפּארטמענט וועט עס ניט ערלויבען.
מיר האבען רעקאמענדירט צו דער נאצ. עקז. קאם. דיזען
ום צו ערקלערען פאר אונגילטיג, ווייל ער קומט אין צו-
נגעטוים מיט די פאדערונגען פון אינשורענס דעפּארטמענט
די עקזעקוטיווע האט עס גוטגעהייסען.
ליעבע דעם גוואלדיגען יקרות אויף פּרינטינג, וועלכער
אריין אין קראפט אין נאוועמבער, האבען מיר באצייטענס
דערט א בורע פּרינטינג, וועלכע דער אפיס וואלט געדארפט
ען פריהער אדער שפּעטער און הערמיט האבען מיר איינ-
ספּארט א היבשע סומע.
צוליעב דעם וואס פיעלע ברענטשעס האבען פון צייט צו
פערנאכלעסיגט צו מאכען זייערע צאהלונגען און אין
פיעלע סומע, ווי די קאנסטיטושאן פאדערט עס,
ן מיר איניגע מאל ארויסגעשיקט שטרענגע בריעף און
רעזולטאט איז געווען, אז די אויסשטעהענדע שולדען פון

פארגלייכונגס־טאבעלע פון פארוואלטונגס־קאסטען

| | דזשון אפּריל 1918-1919 | דזשון אפּריל 1919-1920 | פארקלענ. | פארגרעסערט |
|---|---|---|---|---|
| רענט | $ 1,990.00 | $ 2,035.49 | $ | $ 45.49 |
| סאלארים | 16,832.82 | 25,492.97 | | 8,660.15 |
| פארשיעדענע אפּיס אויסגאבען | 1,636.20 | 1,296.83 | 339.37 | |
| פּאסטיידזש | 1,683.73 | 1,559.98 | 123.75 | |
| פּרינטינג און סטיישאנערי | 2,121.39 | 5,237.80 | | 3,116.41 |
| אדווערטייזמענטס | 1,188.75 | 1,744.36 | | 555.61 |
| טעלעפאן און טעלעגראמס | 335.26 | 389.86 | | 54.60 |
| באלייכטונג | 192.67 | 171.95 | 20.72 | |
| אודיטינג און עקטשוערי | 1,033.89 | 1,987.25 | | 953.36 |
| דזשענעראל אדמיניסטריישאן | 2,213.81 | 2,056.93 | 156.88 | |
| ליגעל סערוויס | 2,083.91 | 2,959.00 | | 875.09 |
| נאצ. באארד און דירעקטארס | 1,801.38 | 2,422.79 | | 621.41 |
| אודיטינג דעפּארטמענט | 1,617.59 | 1,790.03 | | 172.44 |
| קאמיטעס | 1,593.09 | 2,013.11 | | 420.02 |
| טאטאל | $36,324.49 | $51,158.35 | $640.72 | $15,474.58 |

די ברענטשעס זיינען באדייטענד פארקלענערט געווארען.
מיר האבען אויך אויפגעפאדערט די ברענטשעס צו ער-וועהלען זייערע בעאמטע, ספּעציעל סעקרעטערע, זייערע פעהיגסטע מיטגלידער און אז די ברענטשעס זאלען זיך ניט אפּשטעלען אויף די קאסטען וועלכע זיינען פארבונדען מיט דעם.
די אינשורענס פון דעם אפיס, ווי די פארניטשור און בר. סופּלייס איז געווען 9,000 דאל. מיר האבען עס געהעכערט צו 16,000 דאל. צוליעב דער גרעסערער ווערטה.

## דאס געהאלט פון די אפיס אנגעשטעלטע

די אונאנגענעמליכסטע טייל פון אונזער ארבייט איז באשטאנען אין דעם, וואס מיר האבען געדארפט באשטימען וויפיעל עס זאל זיין דאס געהאלט פון יעדען אנגעשטעלטען אין אפיס.

צוליעב דעם גוואלדיגען יקרות אויף לעבענס מיטלען האבען מיר אליין באשטימט צו העכערען דאס געהאלט פון די אפיס אנגעשטעלטע אין מאנאט אויגוסט. די אנגעשטעלטע האבען אבער אין א קורצע צייט ארום גענומען פארלאנגען א נייעם רייז. מיר האבען געפיהלט אז דער פארלאנג איז א ניט בארעכטיגטער, ווען מען נעהמט אין אכט אז זייער געהאלט איז געהעכערט געווארען אין מאי און אויגוסט מאנאט 1919. מיר האבען מיט'ן סטעף געפיהרט אונטערהאנדלונגען און זיינען ענדליך געקומען צו א פארשטענדניס דעם 3טען נאוועמבער, געבענדיג א באדייטענדען רייז.

צוזאמען האבען אונזערע אנגעשטעלטע באקומען אין פארלויף פון יאהר 1919 דריי מאל א העבערונג אין זייער געהאלט, מעהר ווי אירגענד וועלכער געשעפט וואלט עס געטאן.

מיר גיבען צו, אז די לעבענסמיטלען זיינען גוואלדיג געשטיגען, אבער אונזער ענטפער איז געווען, אז יעדע פאזישאן האט זיך איהר ווערדע און דאס מען קען ניט ערווארטען צו פארדיענען פארנעהמענדיג אן אונבאדייטענדע פאזישאן אזוי פיעל וויפיעל איינער וועלכער באזיצט באזונדערע פעהיגקייט און טראגט א פעראנטווארטליכע שטעלע.

מיר דענקען, אז אונזערע אנגעשטעלטע ווערען אנשטענדיג באצאהלט, קריגענדיג אזוי פיעל וויפיעל מען צאהלט אין אלע אנדערע געזעלשאפטליכע אינסטיטוציאנען און דאס די מייסטע פון אונזערע אנגעשטעלטע האבען דערגרייכט דעם מאקסימום.

## די פארוואלטונגס קאסטען

צוליעב דער העכערונג פון ווידזשעס וועלכע מיר האבען געגעבען צו אונזערע אנגעשטעלטע זיינען די אדמיניסטריישאן אויסגאבען פאר דעם יאהר 1919 שטארק געוואקסען, ווי עס איז צו זעהן פון דער פאלגענדער טאבעלע:

פארוואלטונגס אויסגאבען

| 1919 | 1918 | 1917 |
|---|---|---|
| $48,836.42 | $40,998.89 | $32,832.30 |

אין 1918 איז עס פארגרעסערט געווארען אויף $8,166.59 אין 1919 אויף $7,837.53.

# באריכט פון דער נאציאנאלער גריוועגס קאמיטע

ס. וואלאס, טשערמאן
מ. פערלשטיין, מ. העסקעל, ל. אלטמאן, ב. קראפקא.

## צו די דעלעגאטען פון דער 20טער יעהרליכער קאנווענשאן פון ארבייטער רינג.

ווערטע פריינד!

אין דעם רעפארט וואס מיר גיבען אייך איבער פון דעם לעצטען יאהרס טעטיגקייט, וועט איהר זיך איבערצייגען, אז אונזער קאמיטע איז ליידיג ניט געזעסען. מיט דעם וואוקס פון די ברענטשעס און מעמבערס זיינען אויך געוואקסען די צווייסטיגקייטען צווישען מעמבער און ברענטש, און רייבונגען צווישען מעמבער און מעמבער, הויפטזעכליך אין פרינציפיעלע פראגען וואס האבען צייטענווייז פארוויקעלט דעם גאנצען א. ר., וואו א קלארע שטעלונג האט געמוזט גענומען ווערען און א בעשטימטער ענטפער האט געמוזט געגעבען ווערען אין צייט. עס מוז גלייך געזאגט ווערען, אז די וויכטיגקייט פון דער גריוועגס קאמיטע, אדער אן אנדערע עהנליכע אינסטיטוציע, וואו קריוודעס פון מעמבערס דארפען אויסגעהערט און אויסגעגליכען ווערען, אדער פרינציפיעלע מיינונגס פערשיידענהייטען דארפען פעסט געזעצט ווערען — דיזע וויכטיגע קאמיטע ווערט פון דער גרויסער מעמבערשיפ ניט ריכטיג אפגעשאצט. אין דער אמת'ן איז דיזע ארבייט אין פילע פעלע די סאמע וויכטיגסטע, אן ענטשיידונג, וואו א. פרינציפ איז פארוויקעלט, שפיגעלט אפ דעם קאליר און פרינציפען פעסטקייט פון דער גאנצער ארגאניזאציאן און די אויסערע ארבייטער וועלט רעכענט זיך זייער פיעל מיט דעם. מיר ווילען דארום ציהען אייער אויפמערקזאמקייט אויף די נאמינייששאנס און וואהלען פאר דער קאמ., און קלייבען פארזיכטיג איהרע מיטגלידער.

מיר האבען דעם יאהר געהאט ארום הונדערט קייסעס פון וועלכע 6) זיינען שוין געשליכטעט געווארען און ארום 25 קייסעס, וואס ווארטען פאר מערערע אינפארמאציע. עס וואלט פארנומען צופיעל פלאץ אויסצורעכענען יעדע קייס באזונדער, כאטש יעדע קייס האט פארנומען פיעל צייט ביי דער קאמיטע צו אונטערזוכען, כדי די פאראינטערעסירטע צדדים זאלען קריגען א גערעכטען אורטייל. מיר וועלען זיך בלויז אפשטעלען אויף עטליכע וויכטיגע קייסעס, וואו עס זיינען פארוויקעלט וויכטיגע פרינציפען, ווייל די 20טע קאנווענשאן וועט מוזען זאגען דעם לעצטען וואָרט אין דיזע פעלע, און אנצייגען די ווייטערע באשטימונגען.

### קלאגען און אפיעלם

אין פעטערסאן, נ. דזש. זיינען פארגעקומען קלאגען און אפיעלס אין „האלסייל". א גאנצען יאהר זיינען דיזע אפיעלם ניט אראפ פון טאגעס ארדנונג, ווי איהר וועט זעהען אין די מאנאטליכע באריכטען אין „פריינד". עס האט זיך געהאנדעלט אין קורצען אום פאלגענדעס: צי האט א מעמבער פון א. ר. דאס רעכט צו ארבייטען וויפיעל שטונדען ער וויל—און אויף וויפיעל מאשינען ער וויל, ווען ער ארבייט פאר זיך אליין און באשעפטיגט ניט קיין פרעמדע ארבייטער?

כדי איהר זאלט די זאך בעסער בעגרייפען וועלען מיר פרובירען עס אביסעל דייטליכער ערקלעהרען. אין פעטערסאן זיינען אונזערע מעמבערס באשעפטיגט אין א גרויסע צאהל ביי די וועבעריי טריידס, וואו לויט די יוניאן רולס טאר א וועבער ארבייטער ניט ארבייטען מעהרער ווי אויף צוויי וועבשטוהלען. די קאנסטיטושאן פון די 3 אינטערנייישאנאלס אין דיזען פאך, האבען ניט קיינע רולס פאר בעלי בתים, וועלכע זאכען זיי מעגען אדער טארען ניט טאן, אזוי ווי למשל די פיינטערס יוניאן פארבאט א באס אין גאנצען צו ארבייטען.

לעצטען יאהר האבען פיעלע מעמבערס אין פעטערסאן אנגעפאנגען צו ארבייטען פאר זיך, אליין — אדער מיט פארטנערס. ווי זיי ערקלעהרען האבען די פארפארענע סטרייקס, און דער בלעק ליסט סיסטעם פון די פאבריקאנטען זיי געטריבען דערצו. זייענדיג אנפאנגער האבען זיי גענומען ארבייטען אויף 3 וועבשטוהלען און זיי האבען ניט געזעהען קיין פארברעכען אין דעם, ווייל זיי ארבייטען דאך פאר זיך אליין. די ברענטשעס אין פעטערסאן, וואו עס זיינען דא טרייע יוניאן לייט האבען די פראגע אויפגענומען, און האבען באשלאסען צו הארגען די נייע

...בעל הבתים זיי זאלען אויפהערען ארבייטען אויף 3 לומס, ... עס נעמט אוועק זייער ארבייט אין די שעפער. די בעל הבו... האבען ערקלעהרט, אז די ברענטשעס האבען ניט קיין ר... אריינצומישען אין זייערע פריוואטע ביזנעס און די ברענטש... האבען געענטפערט מיט בעשטראפען דיזע מעמבערס, אנד... מיט 99 דאל., אנדערע מיט 50 דאל., און אפיעלס געגען ... שטראף איז געבראכט געווארען צו אונזער קאמיטע. מיר ... בען געשיקט קאמיטעס אין פעטערסאן, אזוי גוט, ווי די אר... גיזאציאנס קאמיטע וואס איז געווען פאראינטערעסירט אין ... פראגע פון ארגאניזאציאנס־שטאנדפונקט. אונזער באש... מאדיפיצירט ביי דער אלגעמיינער עקזעק. האט געהו... אין פרינציפ זיינען מיר פאר א 2 לום סיסטעם און די ווע... ארבייטען יעצט אויף 3 לומס ווען זיי וועלען שריפטליך ... קלעהרען, אז זיי וועלען ווייטער ניט ארבייטען מעהרער אויף 2 לומס זאלען די ברענטשעס ארונטער נעמען די שטר... און זיי מאכען פאר גוטשטעהענדע מעמבערס. עס זיינען ... געקומען צו אונז ארום 20 אזעלכע ערקלעהרונגען פון די ... שטראפטע און שוין געשטראפטע מעמבערס, אז זיי ווארנ... זיך אונטער דעם באשלוס פון דער עקזעק. ליידער, האב... אבער די ברענטשעס זיך ענטזאגט נאכצוקומען דעם באש... פון דער עקזעק. און זיך ענטזאגט זיי צו רעאינסטייטען ... דעם באריכט פון דער עקזעק. וועט איהר ווארשיינליך געפי... די גאנצע האנדלונג פון דיזע קייסעס, הערוויילע זיינען ... מעמבערס פאררעכענט אין אפיס אלס מעמבערס עט לארדז... ביז די קאנווענשאן וועט געבען איהר ענטשיידונג.

אן עהנליכער פאל, וואו א פרינציפ איז פארוויקעלט ה... פאסירט אין טאלידא, אהייא.

א מיטגלידער פון בר. 165, טאלידא, אהייא, האבען א... לירט געגען באשלוס פון בר. צו באשראפען זיי צו 500 דאל... יעדען פאר צוריקגעהן ארבייטען אין דער אווערלענד אטאמ... ביל פעקטארי איידער דער סטרייק איז דארט געווארען געשלי... טעט. די אפעלאנטען האבען ערקלעהרט, אז די ארבייטער ... יענער פעקטארי זיינען ארגאניזירט אין 2 יוניאנס, פון ד... א. פ. אף ל. און פון „די יונייטעד אטאמאביל איירקראפ... וואירקערס יוניאן". די א. פ. אף ל. האט אנגעהויבען ארויסג... רופען בלויז די מאשיניסטען, און אזוי ווי זיי (די אפעלאנט... זיינען ניט קיין מאשיניסטען, און מען האט ביי זיי גארנ... געפרעגט וועגען סטרייקען אדער ניט, זיינען זיי געבליבען א... בייטען. ווען עס האבען זיך אבער אנגעפאנגען אומרוהען ... די סטרייקענדע ארבייטער, האט זיך די פעקטארי איינגאנצ... צוגעמאכט. אין א קורצע צייט נאכדעם איז די פעקטא... ווידער געעפענט געווארען, און פיעלע פון די מאש ניסט... אליין זיינען צוריקגעקומען ארבייטען. אין עטליכע וואכען אר... איז דער שאפ געווארען פארפולט. האלטענדיג ביים פארליר... זייערע פלעצער, און וויסענדיג אז מען האט זיי צו קיין סטרי... ניט גערופען, האבען זיי זיך צוריק געשטעלט ארבייטען. ... האבען צוגעשטעלט א בריעף פון דער יונייטעד איירקראפ... וואירקערס יוניאן איז קענטיג, דאס דארט איז געווען פארב... האט זיי אין סטרייק ניט גערופען. דיזע יוניאן האט ב... באשלאסען, דאס אזוי לאנג ווי די פעקטארי וועט זיין באזיאכ... פון פאליציי און סאלדאטען, זאלען די ארבייטער ניט צוריקגע... אין שאפ. דאס איז אבער ניט געווען קיין באשלוס דורך א ר... פערענדום, ווי ס'פאדערט זיך, לויט די בייליאס פון דער יוניא... אין דער באשלוס איז דארום ניט געווען בינדענד. דער בר. הא... ערקלערט, אז דער סטרייק איז געווען פון אזא כאראקטער, וו... האט געפאדערט אז אלע ארבייטער פון דער פעקטארי זאלע... סימפאטיזירען. זיי האבען דארום אויסגעפאדערט זייערע מיט... גלידער ארונטערצוגעהן. אנדערע ארגאניזאציאנען האבען נא... געפאלגט זייער בייששפיעל. זיי זאגען, אז דערמיט וואס דיז... זיינען צוריקגעקומען ארבייטען, האבען זיי געשעדיגט דע... פרעסטיזש פון א. ר. אין טאלידא. די גריוועגס קאמיטע הא... באשלאסען, אז לויט די ערקלערונג פון דער יונייטעד איירקראפ... וואירקערס יוניאן איז קענטיג, דאס דארט איז געווען פארבו...

...ן א פראגע וועגן יוריסדיקציע צווישען צוויי יוניאנס, אין ...לכע דער א. ר., אלס ניט קיין עקאנאמישע ארגאניזאציע, קען ...ניט אריינמישען. די גריוועגס קאמ. האט דארום באשלאסען ...די שטראף זאל פון די אפעלאנטען ארונטערגענומען ווערען.

דיזע קיים איז אפעלירט געווארען צו דער נייטשאנאל באארד ...ן דירעקטארס. זיי האבען אומגעווארפען דעם באשלוס און ...בען בלויז פארקלענערט די שטראף אויף התדערט מיט 50 ...לאר. די קאנווענשאן וועט אויך דיזע קיים מוזען פערהאנדלען

א וויכטיגע טרייד יוניאן פראגע איז געבראכט געווארען ...דער גריוועגס קאמיטע דורך אן אפיעל פון א מעמבער פון ...ג, ראק איילאנד, איל. דארטען האבען ארבייטער פון א ...קעריי געוואלט אומביטען די צייט פון דער ארבייט פון נאכט ...יף טאג ארבייט. די יוניאן האט דיזען פערלאנג ניט באווי־ ...ם און פעראָרדערט די ארבייטער ניט צו רופען קיין סטרייק. ...דיזען שאפ האבען געארבייט עטליכע מעמבערס פון א. ר. ...די זייער ווילען האט בר. 396 אינדארסירט א סטרייק ...שאפ, טראץ די יוניאנס ענטשיידונג. איינער פון די א. ר. ...מבערס איז געבליבען ארבייטען וועלענדיג פאלגען די יוניאנס ...שלוס. דער מעמבער איז פארקלאגט געווארען אין סקעבעריי ...אין באשטראפט געווארען מיט 50 דאל. דורכקוקענדיג ...ם אפיעל ווי אויך דעם סטייטמענט פון דער יוניאן, וואו זיי ...קלערען, אז דער מעמבער איז א לאיאלער יוניאן מאן, האבען ...באשלאסען אראפצונעמען די שטראף פון דעם באטרעפענ־ ...ווייל מיר שטיצען זיך אויפ'ן געדאנק, „אז ד ע ר א. ר. ...מ י צ ט ס ט ר י י ק ס, א ב ע ר פ י ה ר ט נ י ט ...ר ו פ ט נ י ט א ר ו י ס ק י י ן ס ט ר י י ק ס" ...וע ארבייט בלייבט צו טאן פאר דער טרייד יוניאן באוועגונג. ...ר וואלטען געקאנט ברייגגען צעהנדליגע אזעלכע קייסעס, וואו ...ליטישע אדער עקאנאמישע פראגען זיינען געווען פארוויקעלט. ...זערע ענטשיידונגען זיינען געווען דורכגעדרונגען מיט'ן ...סט פון א. ר. און אין פילע פעלע צו דער צופרידענהייט פון ...ידע צדדים, זאגאר אין קייסעס, וואו די שטראפען זיינען פון ...נז גוטגעהייסען געווארען.

## קייסעס פון א פערזענליכען כאראקטער

...פילע פון די אפיעלס האבען זיך באצויגען אויף קריוודעס ...איינצעלנע מעמבערס געגען זייערע ברענטשעס, אדער פאר־ ...רט. ניט קיין שעהנע אויפפיהרונגען ביי די מיטינגען, אדער ...עצליכע און אונגעזעצליכע טעקסעס זיינען געווען אין א ...בשע צאהל. עס זיינען אויך געווען קייסעס, וואס האבען ...טראגען א קרימינעלען כאראקטער, וואו א גרינדליכע אונ־ ...רזוכונג איז געמאכט געווארען און צו אונזער פרייד קאנען ...ר זאגען זיינען עס בלויז געווען באשולדיגונגען פון פערזענליכע ...יינד" אהן קיינע באווייזען. מיר ווילען אויך אבער ברייגגען ...קיים, וואס איז יע געווען באגרינדעט אין א ניט שעהנע ...נדלונג, און איהר, דעלעגאטען צום 20טען קאנווענשאן ווע־ ...ן דארפען האנדלען און באשליסען:

אין בר. 6, ברוקלין, נ. י. איז באשולדיגט געווארען א ...אאן פאנד" סעקרעטער אין, פארנעמען 31 דאל. פון פאנד. ...ר בר. זייענדיג ענטריסטעט פון דעם מעמבערס האנדלונג, ...ט איהם אויסגעשלאסען פון א. ר. מיר האבען ערהאלטען ...אפיעל, מיר האבען געאָרדערט די ביכער צו ברייגגען אין ...ים און דער אוידיטינג דעפארטמענט האט די ביכער אונ־ ...רזוכט און באשטעטיגט, אז די 31 דאל. האבען טאקי גע־ פעהלט, אבער דער סעקרעטער האט נאכהער אפגעצאהלט די סומע פון 25 דאל. און איז בלויז שולדיג 6 דאל. די ביכער זיינען געהאלטען געווארען אין א שלעכטער ארדנונג. דער אפעלאנט האט זיך פארענטפערט, אז ער האט די ביכער גע־ האט צו א ברענטש אונטערזוכונגס קאמ. און די קאמ. האט איהם אויף קיין זאך ניט אויפמערקזאם געמאכט, און אז ער איז בכלל ניט קיין גאר קאמפעטענטער סעקרעטער. ער האט צוגעגעבען אז עס קען זיין, אז ער האט געמאכט א פעהלער. ער איז וויליג אלץ גוט צו מאכען און צו ליידען א שטראף דערפאר, אבער צו ווערען אויסגעשלאסען פון א. ר. געפינט ער צו גרויס די שטראף. מיר האבען דעם מעמבער געפונען שול־ דיג אין מיסברויכען געלד פון א. ר. און איהם בעשטראפט ניט צו קאנען האלטען קיין אמט אין א. ר. פאר 5 יאהר, סיי אין בר. סיי אין דעם אלגעמיינעם א. ר. אבער מיר האבען צוריק־ געווארפען די שטראף פון אויסשליסונג רעכענענדיג זיך מיט'ן פאקט, אז דער מעמבער איז אין א. ר. ארום 16 יאהר, און איז אין א זא עלטער, וואו ער קאן אין ערגעץ מעהרער ניט בעלאנ־ גען. מיר האבען געפיהלט, אז מיר טארען ניט בארויבען זיין פאמיליע פון זיינע בענעפיטס. דער בר. האט אפעלירט צו דער נייטשאנאל באארד אף דירעקטארען, און ליידער האט די „באארד" גוט געהייסען די האנדלונג פון בר. די גאנצע נאצ. עקזעק. האט געבעטען דער נ. ב. נאך אמאל דורכצוקוקען די פאקטען אין דער קיים, און דער מעמבער ווארט דערווייל אויף זיין שיקזאל. מיר בעטען די דעלעגאטען צו שענקען זייער אויפ־ מערקזאמקייט אין דיזער קיים און האנדלען מעהרער מיט רחמנות ווי מיט געזעץ, ווי עס פאסט פאר'ן א. ר.

אין בר. 11, בראנזוויל בעלאנגט א מעמבער, וועלכער איז אמאל בעשטראפט געווארען פון דער דאמאלסדיגער עקזעק. ניט צו קאנען האלטען קיין אמט אין א. ר. פאר'ן ניט שעהן אויפפיהרען זיך, זייענדיג א מעמבער אין דער דאמאלסדיגער סאניטאריום קאמ. א קאנווענשאן האט דעם אורטייל גוטגע־ הייסען. מיט עטליכע מאנאטען צוריק האט זיך געווענדעט צו אונז א קאמיטע פון בר. 11 מיט א פערלאנג צו עפענען די קיים פון זייער מעמבער אויף דעם גרונד פון נייע באווייזע. אונזער אנטווארט איז געווען אז מיר זיינען ניט אימשטאנדע צו עפע־ נען די קיים, ווייל א קאנווענשאן האט דעם אורטייל גוטגע־ הייסען. מיר האבען זיי פארשפראכען אז מיר וועלען ציהען די אויפמערקזאמקייט פון די דעלעגאטען צו דיזער קיים. און יעצט בלייבט פאר אייך דעלעגאטען צו באשטימען, צו זאל די קומענדע עקזעק. האבען א רעכט נאך אמאל איבערצוקוקען דיזע קיים און געבען איהר ענטשיידונג.

מיר האבען אייך איבערגעגעבען בלויז עטליכע קייסעס אין וועלכע איהר וועט דארפען האנדלען און נעמען א שטעלונג. די איבעריגע קייסעס געפינען זיך יעצט אין אפיס אין בעסטען ארדנונג, א דאנק די הילף פון אונזערע ביידע סעקרעטערע, האבען מיר איינגעפיהרט א סיסטעמע, וואו מען וועט קאנען קריגען רעקארדס פון יעדע קיים באזונדער, זאגאר אין פילע יאהרען שפעטער.

מיר האפען, אז איהר וועט אונזער ארבייט אפשעצען ווי געהעריג איז, אפילו מיט די מעגליכע פעהלערן, וועלכע מען־ שען קאנען אמאל באגעהן און מיר דאנקען אייך פאר'ן צו־ טרויען, וואס איהר האט אונז געגעבען אלס שופטים אין א. ר. נאציאנאלע גריוועגס קאמ. א. ר.

---

...אז מ'גיט א פאך מיט א רויטער פאן אין א פארשטעטעל פון ב ע ר־ ...ן ציטערען די שווערמאסיווע זיילען פון וואל סטריט אזש אויף מאנ־ ...הטען איינזעל...

* * *

...נישטא קיין. עכטערע פרייהייט צו זיך אליין ווי צו זיין טריי צום ...געגעם קלאס.

* * *

... א יוניאן, וואס קען אין עטליכע וואכען זאמלען פון איהרע מיט־ ...לידער א מיליאן דאלער, האט שוין ניט וואס מורא צו האבען פאר מיליא־ ...נען — מיר מיינען עס אונזער בראווע קלאוקמייקערס.

* * *

...אויב דער א. ר. האט אייך אין וואס עס איז אפגענארט — געהט וואס ...ער פון איהם ארויס. אויב נישט — נעמט אויך אריין אלס מיטגליעדער ...ער פריינד.

איהר קענט טאקע נישט איבערקעהרען א בארג, אבער איהר קענט אריינגעמען נאך א מיטגליד אין אייער ברענטש.

* * *

... ווער וועט נאך יעצט וואגען צו רופען דעם שטאחל־טראסט מיט צונעמען? שטילער, שא! — דער סופרים קאורט קען נאך הערען...

* * *

עט, וואס טויג עס אייך? זאלען אייערע שונאים זיין בירגער. זיי האבען די מאה מעגען זיי אויך האבען די דעה־

* * *

זיבען שמיטות זיינען שוין פארלאפען זינט דער פאריזער קאמונע און עס שאלט א מעכטיגע שטימע צום יובל: „וקראתם דרור לכל יושביה!" — מאכט פריי אלע איינוואוינער פון דער וועלט!

# באריכט פון דער סאַניטאָריום קאָמיטע

ר. גוסקין, טשערמאַן
ל. ראָטהמאַן, י. אַלפּערט, י. קלופּט, מ. אַשעראָוויץ.

צו די דעלעגאַטען פון דער צוואַנציגסטער יעהרליכער קאָנווענשאָן און צו אַלע מעמבערס פון אַ. ר.

ווערטהע פריינד! צו דער 11טער יעהריגער עקזיסטענץ האָט אונזער סאַניטאָריום ערקייכט אַ שטופּע וואָס קיינער פון די אַקטיווסטע מיטגלידער פון אָרדען האָט ניט גע'חלומ'ט. אונזער סאַניטאָריום איז איצט אַ מאָדערנער אַנשטאַלט, וואָס דאַרף זיך ניט שעהמען אפילו אין פאַרגלייך מיט די גרעסטע עהנליכע אינסטיטוציעס איבער'ן לאַנד.

אונזער סאַניטאָריום האַלט בסדר אין פּראָגרעסירען; פאַרשידענע אויסבעסערונגען ווערען געמאַכט אונאויפהערליך יעדען יאָהר, יעדען מאָנאַט און זאָגאַר יעדע וואָך, פון אַזעלכע כמעט אומבאַמערקבאַרע אויסבעסערונגען איז אונזער סאַניטאָריום געוואָרען אַן אָנגעזעהענער אַנשטאַלט, וואָס איז אַ שטאָלץ ניט בלויז פאַר'ן אַ. ר., נור אויך פאַר דער גאַנצער אידישער אַרבייטער באַוועגונג.

צו פאַרוואַלטען אונזער סאַניטאָריום, ווי בכלל פאַרוואַלטען אַ דעמאָקראַטישען אַנשטאַלט, איז פאַרבונדען מיט אַזאַ גרויסער פאַראַנטוואָרטליכקייט, וואָס איז זיך זאָגאַר שווער פאָרצושטעלען. די משא פון דער פאַראַנטוואָרטליכקייט איז דיזען יאָהר געפאַלען אויף אונזערע פלייצעס פיעל שווערער צוליעב פאַרשידענע סיבות און פאַסירונגען, וועלכע מיר וועלען ווייטער אָנדייטען.

## דער יקרות אויף לעבענס־מיטלען.

פון די ציפערען אין סעקרעטער'ס רעפּאָרט אויף זייט 71 וועט איהר זעהן, ווי די אויפהאַלטונגס־הוצאות זיינען דעם יאָהר פאַרגרעסערט געוואָרען אין פאַרגלייך מיט דיזע אויסגאַבען פאַר די לעצטע יאָהרען, דאָך ניט אַכטענדיג אויף דעם אַלשטייגענדען יקרות, האָבען מיר שטענדיג אין זינען געהאַט דעם וואוילזיין פון די פּאַציענטען און קיין זאַך איז פון דער עסענוואַרג, פּרוכט און אַנדערע שפּייזען ניט געמינדערט געוואָרען, ניט אין קוואַליטעט און אויך ניט אין קוואַנטיטעט.

עס איז געווען פאַרשטענדליך און נאַטירליך, אַז מיר זאָלען ווייטער אָנגעהן מיט דער אַרבייט און זעהן אַז די פּאַציענטען זאָלען קריגען דאָס שענסטע און דאָס בעסטע. דאָס האָט אָבער געמוזט פיהרען דערצו, אַז דער דעפיציט אין אויסהאַלטונגס־פאָנד זאָל בסדר וואַקסען.

דיזען אַלטען רעפּערענדום־באַשלוס קען דער דעפיציט פון אויפהאַלטונגס־פאָנד געדעקט ווערען פון דעם סוירפּלוס אין בילדינג־פאָנד, וואָס איז אין דער ווירקליכקייט געטאָן געוואָרען. אָבער האָזען דעם אויפהאַלטונגס־פאָנד אין דעם זעלבען צושטאַנד וואָלט געווען אומנאַרמאַל און עס וואָלט גענצליך ערשעפּט דעם סורפּלוס פון בילדינג־פאָנד. די סאַניטאָריום קאָמיטע האָט דאַרום געפונען פאַר נויטיג צו רעקאָמענדירען, אַז די צאָהלונגען פאַר דעם אויפהאַלטונגס־פאָנד זאָלען געהעכערט ווערען אויף 6 סענט פער מעמבער פער קוואַרטאַל.

## באַצאָהלטע פּאַציענטען

אין פאַרבינדונג מיט דעם גרויסען יקרות אויף לעבענס־מיטלען זיינען מיר געווען געצוואונגען צו העכערען דעם פּרייז פאַר באַצאָהלטע פּאַציענטען פון 15 אויף 20 דאָלאַר אַ וואָך, אָנפאַנגענדיג פון דעם 15טען נאָוועמבער. פון אַ טאַבעלע אין דיזען רעפּאָרט וועט איהר זעהן אַז אויפהאַלטען אַ פּאַציענט האָט דיזען יאָהר געקאָסט אין דורכשניט $4.24 אַ טאָג. פאָלגליך דאָס אפילו 20 דאָל. אַ וואָך אויך ניט געדעקט די הוצאה פון אויסהאַלטען אַ באַצאָהלטען פּאַציענט. נעהמענדיג אין אָנבאַטראַכט, אַז ס'איז געווען דער וואונש פון אַ קאָנווענשאָן און פון דער גאַנצער מיטגלידערשאַפט, אַז פרויען און קינדער פון מעמבערס זאָלען אַריינגענומען ווערען אַלס באַצאָהלטע פּאַציענטען. נעהמענדיג אויך אין אָנבאַטראַכט, אַז דער דורכשניטליכער אַ. ר. מיטגליד איז ניט אימשטאַנד צו צאָהלען אַ העכערען פּרייז, ווען זיין פרוי אָדער קינד איז קראַנק, זיינען מיר געקומען צום שלוס, אַז אונטער די אומשטענדען זאָל דער פּרייז פאַר אַ באַצאָהלטען פּאַציענט פאָרלויפיג בלייבען ניט געענדערט.

## די רעזיגנאַציאָן פון דר. ל. ראָזענבערג

אַ מאָנאַט נאָך דעם ווי מיר זיינען אַריין אין אַמט, האָב[en] מיר געקראָגען פון דר. ראָזענבערג אַ שריפטליכע רעזיגנאַצי[ע] אָנגעבענדיג זיין מאָטיוו פאַר דער רעזיגנאַציאָן, אַז ער ד[...] באַשלאָסען זיך אין גאַנצען צוריקצוציהען פון אינסטיטוציאָנ[...] אַרבייט.

דר. ראָזענבערג איז פאַר די אומגעפעהר צוויי יאָהר צי[...] וואָס ער איז געווען מעדיקאַל סופּעראינטענדענט, אַלע מאָ[ל] געשטאַנען אין די פריינדליכסטע באַציהונגען מיט דער סאַניט[אָ]ריום קאָמיטע און אויך מיט די פּאַציענטען, און עס פאַרשטע[הט] זיך, אַז זיין רעזיגנאַציאָן איז פאַר אונז געווען אַן אומאָנ[גע]נעמע איבעראַשונג.

פון דער פאַרגאַנגענער ערפאַהרונג האָבען מיך געוואוס[ט] ווי שווער ס'איז צו געפינען פּאַסענדע פּערזאָנען צו קענען פאַ[...] נעהמען דעם אַמט אַלס מעדיקאַל־דירעקטאָר פון אונזער ס[אַ]ניטאָריום, און דערצו נאָך האָט אונז דר. ראָזענבערג געגעבען וועניג צייט: זיין רעזיגנאַציאָן האָט געדאַרפט אַריין א[...] קראַפט דעם ערשטען אויגוסט.

מיר האָבען, נאַטירליך, ניט זוילענדיג זיין רעזיגנאַצי[אָן] געמוזט אָננעהמען, און זיך גלייך געזעצט אין פאַרבינדונג מ[יט] דר. יוליוס האַלפּערן און איהם באַאויפטראַגט צו זוכען פאַר א[ונ]זער סאַניטאָריום אַ פּאַסענדע פּערזאָן אַלס מעדיקאַל סופּע[ר]אינטענדענט. דר. ראָזענבערג האָט פאַרלאָזען דעם סאַניטאָר[יום] מיט די בעסטע געפיהלען צום אַ. ר. בכלל און סאַניטאָר[יום] בפרט.

## וועגען אָרדנונג אין סאַניטאָריום

אַז איהר וועט דורכבלעטערען די יעהרליכע רעפּאָרטס [...] די סאַניטאָריום קאָמיטעס פאַר דער גאַנצער צייט וואָס ד[ער] סאַניטאָריום עקזיסטירט וועט איהר זעהן, אַז אין כמעט א[...] פון זיי ווערט דערמאָנט וועגען קלענערע אָדער גרעסערע צ[וו]מענשטויסע, רייבונגען אָדער מיספאַרשטענדניסע צווישען פּאַציענטען און די סאַניטאָריום קאָמיטעס.

עס ליגט שוין אין כאַראַקטער פון דעמאָקראַטישע אינ[סטי]טוציאָנען, בפרט פון אַזאַ אינסטיטוציאָן ווי אונזער סאַניט[אָ]ריום איז, אַז די פּאַציענטען זאָלען זיך באַטראַכטען עפּעס מ[ע]ווי בלויז פּאַציענטען אַליין. די הויפּט צרה ליגט אין ד[ע]וואָס אונזערע פּאַציענטען ווילען זיך מישען אין אַדמיניסטר[א]טיווע אָנגעלעגענהייטען טראָץ דעם וואָס דאָס איז זיי פאַרב[א]טען פון מעדיקאַל אַדווייזערי באָארד און פון דעם דאָקטאָר א[...] סאַניטאָריום.

עס איז כמעט אַ שטענדיגע ערשיינונג, אַז די פּאַציענט[ען] נאָכדעם ווי זיי זיינען אַ קורצע צייט אין סאַניטאָריום, פאַרג[ע]סען זיי אָן דעם פאַקט, אַז זיי זיינען געקומען אין סאַניטאָרי[ום] מיט דעם איינציגען צוועק זיך צו קורירען, און אונטערשטרי[...] כען בלויז דעם פאַקט, אַז זיי זיינען מעמבערס פון אַ. ר. א[ון] צאָהלען אויך זייערע ביישטייערע צום סאַניטאָריום פאָנד. דע[ר]בער זיינען זיי אונטער דעם פאַלשען איינדרוק, אַז זיי דאַרפ[ען] זיך באַטייליגען אין דער פאַרוואַלטונגס־אַרבייט פון סאַניטאָרי[ום].

מיר ווידערהאָלען נאָך אַ מאָל, אַז דיזער געדאַנק מצד [די] פּאַציענטען איז אַ שעדליכער — סיי פון שטאַנדפּונקט פ[ון] מעדיצין און סיי פון שטאַנדפּונקט צו פאַרבעסערן זייער א[...] געזונט.

אויך דיזען יאָהר איז ליידער אויף אונזער גורל אויסג[ע]קומען דורכצומאַכען אַן אומאָנגענעמע פּאַסירונג אין סאַניט[אָ]ריום וואָס איז אייגענטליך אויך געווען אַ רעזולטאַט פון ד[ע]וואָס די פּאַציענטען האָבען געדענקט אַז זיי זיינען טייל[ווייז] די פאַרוואַלטער פון סאַניטאָריום.

באַלד ווי מיר זיינען אַריין אין אַמט, האָבען מיר ערהאַלט[ען] אַ צושריפט פון בר. 305, פילאַדעלפיאַ אין וועלכען זיי האָבע[ן] אונז ערקלעהרט אַז זיי רופען אַ קאָנפערענץ פון אַלע שטאָדט[י]שע בראַנטשעס, וועגען דער סאַניטאָריום פראַגע. וועגען די פּ[אַ]סירונגען וואָס זיינען פאָרגעקומען אין סאַניטאָריום אין מאָנא[ט] אַפּריל 1919, האָט די 11טע קאָנווענשאָן געהאַנדעלט און נ[...] נעהייסען די שטעלונג פון דער פריהעריגער סאַניטאָריום ק[...]

## אין יאהר 1919 זיינען אויפגענומען געווארען אין סאניטאריום 108 פאציענטען

### טאבעלע נומער 1.

ציינט ווי לאנג זיי זיינען געווען מעמבערס אין ארבייטער רינג איידער זיי זיינען אויפגענומען געווארען אין סאניטאריום.

| ווי לאנג די פאציענטען זיינען געוועזען מעמבערס | 1910 | 1911 | 1912 | 1913 | 1914 | 1915 | 1916 | 1917 | 1918 | 1919 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| ווייניגער ווי 1 יאהר | 36 | 12 | 7 | — | — | — | — | — | — | — |
| צווישען 1 און 2 יאהר | 40 | 54 | 39 | 35 | 17 | 14 | 27 | 42 | 17 | 10 |
| צווישען 2 און 3 יאהר | 27 | 31 | 27 | 23 | 20 | 20 | 23 | 25 | 30 | 20 |
| צווישען 3 און 4 יאהר | 20 | 21 | 28 | 16 | 14 | 20 | 6 | 15 | 16 | 16 |
| צווישען 4 און 5 יאהר | 3 | 6 | 21 | 18 | 22 | 8 | 8 | 16 | 11 | 14 |
| צווישען 5 און 6 יאהר | 3 | 4 | 10 | 5 | 23 | 9 | 7 | 14 | 7 | 9 |
| צווישען 6 און 7 יאהר | 3 | 4 | 2 | 4 | 10 | 16 | 14 | 7 | 10 | 8 |
| צווישען 7 און 8 יאהר | — | — | 3 | 3 | 12 | 10 | 8 | 18 | 2 | 5 |
| צווישען 8 און 9 יאהר | — | — | 8 | 2 | 3 | 7 | 4 | 8 | 8 | 4 |
| צווישען 9 " 10 יאהר | — | — | — | 1 | 1 | 5 | 1 | 4 | 9 | 7 |
| צווישען 10 " 11 יאהר | — | — | 1 | — | 6 | — | 4 | 4 | 6 | 6 |
| צווישען 11 " 12 יאהר | — | — | — | 1 | 2 | 2 | 1 | 1 | 5 | 2 |
| צווישען 12 " 13 יאהר | — | — | — | — | — | 1 | 1 | 2 | 3 | 4 |
| צווישען 13 " 14 יאהר | — | — | — | — | 3 | — | — | 3 | 2 | 1 |
| צווישען 14 " 15 יאהר | — | — | — | — | — | 1 | — | — | 1 | — |
| צווישען 15 " 16 יאהר | — | — | — | — | — | 1 | 1 | — | — | 2 |
| צווישען 16 " 17 יאהר | — | — | — | — | — | — | — | 1 | 1 | — |
| טאטאל | 132 | 132 | 146 | 108 | 133 | 114 | 105 | 160 | 128 | 108 |

### טאבעלע נומער 2.

ציינט די עלטער פון די פאציענטען ווען זיי זיינען אריינגענומען געווארען אין סאניטאריום.

| די עלטער פון די פאציענטען | 1910 | 1911 | 1913 | 1913 | 1914 | 1915 | 1916 | 1917 | 1918 | 1919 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| פון 18 ביז 25 יאהר | 64 | 52 | 36 | 33 | 24 | 25 | 20 | 32 | 27 | 8 |
| פון 26 ביז 30 יאהר | 39 | 43 | 51 | 37 | 54 | 39 | 30 | 40 | 34 | 33 |
| פון 31 ביז 35 יאהר | 21 | 18 | 32 | 23 | 23 | 22 | 33 | 49 | 42 | 28 |
| פון 36 ביז 40 יאהר | 7 | 12 | 19 | 11 | 18 | 17 | 12 | 28 | 16 | 25 |
| פון 40 ביז 50 יאהר | 1 | 7 | 8 | 4 | 14 | 11 | 10 | 11 | 7 | 13 |
| העכער פון 50 יאהר | — | — | — | — | — | — | — | — | 2 | 1 |
| טאטאל | 132 | 132 | 146 | 108 | 133 | 114 | 155 | 160 | 128 | 108 |

### טאבעלע נומער 3.

| מענער און פרויען פאציענטען | 1910 | 1911 | 1912 | 1913 | 1914 | 1915 | 1916 | 1917 | 1918 | 1919 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| צאהל מענער | 130 | 123 | 138 | 104 | 128 | 109 | 103 | 153 | 122 | 106 |
| צאהל פרויען | 2 | 9 | 8 | 4 | 5 | 5 | 2 | 7 | 6 | 2 |

### טאבעלע נומער 4.

| | 1910 | 1911 | 1912 | 1913 | 1914 | 1915 | 1916 | 1917 | 1918 | 1919 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| פערהייראטהע | 83 | 86 | 100 | 76 | 101 | 87 | 77 | 122 | [illegible] | [illegible] |
| אונפערהייראטהע | 49 | 46 | 46 | 32 | 32 | 27 | 28 | 38 | [illegible] | [illegible] |
| טאטאל | 132 | 132 | 146 | 108 | 133 | 114 | 105 | 160 | 128 | 108 |

### טאבעלע נומער 5

לויט נאך וועלכע באשעפטיגונגען זיינען די פאציענטען אויסגעטיילט ווי פאלגט:

| | |
|---|---|
| אפערייטארס | 10 |
| בעקער | 1 |
| ביזנעסלייטע | 12 |
| בוטשערס | 1 |
| הארנעס מאכער | 11 |
| זייגער מאכער | 1 |
| הוט מאכער | 1 |
| וועבער | 4 |
| קאט ארבייטער | 4 |
| טראנק מאכער | 1 |
| מאשינעסטען | 4 |
| מילכמאן | 2 |
| מעטאל ארבייטער | 5 |
| מוזיקער | 1 |
| פארירערס | 2 |
| פיינטערס און פייפערהענגערס | 5 |
| פעקערס | 1 |
| פרעסער | 1 |
| פרעסערס | 5 |
| ציגארען מאכער | 1 |
| קאטערס | 4 |
| קארפענטערס | 6 |
| קראנקע-טרייגערס | 1 |
| קלוירקס | 5 |
| קאפען-מאכער | 2 |
| שוסטערס | 4 |
| שניידערס | 23 |
| טאטאל | 108 |

אין אבוואהל מיר אלס קאמ. האבען מיט יענע פאסירונג קיין דירעקטען שייכות ניט געהאט, דאך האבען איניגע ברענטשעס וועלכע האבען געהאט פאציענטען אין סאניטאריום, געזוכט צו באפיהרען אינטריגעס געגען דער נייער סאניטאריום קאמיטע. דער געפיאנעוועטער קאנפערענץ פון בר. 305 איז געוועזען איינע פון אזעלכע פערזוכען צו דיסקרעדיטירען אונזער קאמ., אזוי שנעל ווי זי איז אריין אין אמט.

א פאציענט פון בר. 305 און אויך א פאציענט פון א פעטערסאנער ברענטש מיט דער הילף פון א פאציענט פון לייבאריגע האבען צווישען די פאציענטען כסדר אנגעפיהרט אן עקעלהאפטע אגיטאציע געגען דער פארוואלטונג פון סאניטאריום. מ׳האט אונטער סטראשונקעס געפאדערט ביי מאנכע פאציענטען זיי זאלען זיך אונטערשרייבען אויף בריעף און רעזאלוציעס, וועלכע דיסקרעדיטירען די אדמיניסטראציע פון סאניטאריום און אויך די סאניטאריום קאמיטע.

מיט עטליכע וואכען שפעטער האבען די פאציענטען פון זיך ערוועהלט א קאמ. פון ז׳ צו שליכטען סכסוכים און פארהאנדלען פראגען, וועלכע זיי וועלען געפינען פאר נויטיג. דיזע קאמיטע האט געוואלט האבען די אויטאריטעט צו פארהאנדלען אירגענד וועלכע פראגע אין סאניטאריום. זעלבסטפארשטענדליך, האבען מיר דיזע קאמ. ניט אנערקענט, ווייל מיר זיינען מיט דער איבערציינגונג אז די פארוואלטונג פון סאניטאריום דארף ליגען אויסשליסליך אין די הענד פון דער סאניטאריום קאמ., וועלכע ווערט פאר דעם צוועק ערוועהלט פון די ברייטע מיטגלידערשאפט. ווען אירגענד א פאציענט האט עטוואס אויסצוזעצען געגען דער אדמיניסטראציע, געגען די אנגעשטעלטע, קען ער דאס טאן שריפטליך אדער מינדליך צו דער סאניט. קאמ. און אויב א פאציענט האט קלאגען געגען דער סאניט. קאמ. קען ער זיי ברינגען צו דער נאצ. עקז. קאמ., וועלכע וועט דאצו שענקען די נויטיגע אויפמערקזאמקייט.

אין מאנאט יוני 1919 האט אונז א פעטערסאנער ברענטש געשריבען, אז אין פעטערסאן איז לעצטענס אהיים געקומען א פאציענט, וועלכער מאכט מיאוסע באשולדיגונגען געגען דעם סאניטאריום און די פארוואלטונג, און זיי בעטען דארום צו ערלויבען זייערע א קאמיטע צו פאהרען אין סאניטאריום און אונטערזוכען אויף וויפיעל דיזע באשולדיגונגען זיינען באגרינדעט. מיר האבען גלייך געשיקט צום בר. א קרעדענשעל פאר אזא קאמיטע. די קאמ. פון דיזען בר. האט געלאזט וויסען, אז זיי וועלען קומען אין סאניטאריום זונטאג דעם 27טען דזשולי.

גראדע זונטאג דעם 27טען דזשולי, ווען די פעטערסאנער קאמ. איז געקומען אין סאניטאריום אונטערזוכען וועגען די קלאגעס וואס זיינען ביי זיי אין שטאדט פארשפרייט געווארען, האבען די פאציענטען ערקלעהרט א „הונגער סטרייק". ווי מיר האבען זיך שפעטער דערוואוסט איז דער זאגענאנטער „הונגער סטרייק" עקסטרא געפיאנעוועט געווארען אויף דעם טאג ווען די קאמ. פון פעטערסאן האט געדארפט קומען. דא איז כדאי צו באמערקען אז צוויי פארטרעטער פון אונזער קאמ. זיינען געוועזען אין סאניטאריום פון שבת נאכמיטאג דעם 26טען דזשולי און קיינער פון די פאציענטען האט זיך צו זיי אויף קיין זאך ניט באקלאגט. זונטאג פריה צו ברעקפעסט זיינען פון די איבער 90 פאציענטען וואס זיינען צו יענער צייט געוועזען אין סאניטאריום, בלויז 24 ארונטערגעקומען עסען.

די פאציענטען האבען ניט געפונען פאר נויטיג זיך דורכצורעדען פריהער מיט די פארטרעטער פון דער סאניטאריום קאמ. וועגען די טענות, איידער זיי האבען ערקלערט דעם זאגענאנטען „הונגער־סטרייק". ווען די 24 פאציענטען זיינען ארוים פון עס־צימער, האבען זיי די איבעריגע פאציענטען באגעגנט מיט אויסגעשרייען „סקעבס", א. ד. גל.: מען האט די 24 אויך געסטראשעט, אז אויב זיי וועלען ווייטער געהן פאר מאלצייטען, וועט זיי דאס עסען „ניט באקומען"... דער רעזולטאט איז געווען אז דיזע סטראשונקעס האבען געווירקט און פון די 24 זיינען בלויז 11 געקומען עסען מיטאג, אבוואהל עסען איז צו יעדען מאלצייט געוועזען צוגעגרייט פאר אלע פאציענטען. ווי די אנפיהרער פון דער „באוועגונג" האבען כלומרשט אנגעגעבען, זיינען די מאטיווען פונ׳ם „סטרייק" געוועזען דערפאר, ווייל די עסענס ווערען ניט געקאכט נאך זייער געשמאק. אבער דא איז כדאי צו באמערקען, אז די קעכין, וואס איז געוועזען צו יענער צייט איז פון א גרויסען טייל פון יענע פאציענטען מיט א צייט צוריק געלויבט געווארען פאר איהר קאכען, און די זעלבע קעכין איז נאך אויך יעצט אין סאניטאריום

דעם זעלבען זונטאג פריה האבען די פאציענטען אפגעהאלטען א מיטינג ביי וועלכען ס׳איז געמאכט געווארען א פארשלאג ארויסצוטרייבען די פארטרעטער פון דער סאניט. קאמ. און די פאציענטען אליין זאלען איבערנעהמען די פארוואלטונג פון סאניטאריום.

איניגע פאציענטען זיינען אהן דער ערלויבניש פונ׳ם דאקטאר אוועקגעפארען אין שטאדט צו קויפען עסען פאר די „סטרייקענדע" פאציענטען. דאס עסענווארג וואס זיי האבען געקענט קריגען גרייט אין ווילעדזש איז געוועזען פון אזא סארט וואס איז שעדליך פאר זייער געזונט. צוויי ווייטערס האבען זיך ערקלערט אין סימפאטי מיט די סטרייקערס און זיך ענטזאגט צו סערווירען די 11 פאציענטען וואס זיינען געקומען עסען דינער און סאפער. דר. ראזענבערג האט דיזע צוויי ווייטערס ענטזאגט. זונטאג אבענד זיינען איניגע פאציענטען געקומען צו דר. ראזענבערג און פארלאנגט, אז ער זאל זיי ארויפשיקען אין די לענטסום א קאן מילך. דר. ראזענבערג האט זיי ערקלערט, אז ער וועט זיי קיין מילך ניט געבען ארויפצונעהמען אין די לענטסום, ווייל מאלצייטען זיינען צוגעגרייט געווארען פאר אלע פאציענטען וועלכע קענען און דארפען ארונטערגעהן אין דיינינג רום עסען. ניט אכטענדיג אויף דער ערקלערונג פון דר. ראזענבערג, האבען עטליכע פאציענטען זיך אריינגעריסען אין סטארידזש רום און מיט געוואלד ארויסגענומען א קאן מילך.

מאנטאג אין דער פריה זיינען אלע פאציענטען ארונטערגעקומען אין דיינינג רום עסען און האבען מיט זיך מיטגעבראכט די צוויי ענטזאגטע ווייטערס. ווען דר. ראזענבערג האט באמערקט אז די צוויי ווייטערס, וועלכע ער האט נעכטען ענטזאגט, שטעלען זיך ארבייטען, האט ער זיי נאכאמאל ערקלעהרט אז זיי זיינען ענטזאגט, אז זיי זאלען אריינגעהן אין אפיס צו קריגען באצאהלט וויפיעל זיי קומט און פערלאזען די גראונדס. די ווייטערס האבען דאן געענטפערט אז זיי זיינען צוריק אנגעשטעלט געווארען פון די פאציענטען, וועלכע זיינען די אמת׳ע בעלי בתים פון סאניטאריום. דר. ראזענבערג איז דורכאויס בעשטאנען דארויף אז די צוויי ווייטערס זאלען פערלאזען דעם אנשטאלט. אבער נאך דעם ווי עטליכע פאציענטען האבען איהם געבעטען אז ער זאל די ווייטערס לאזען צייטווייליג ארבייטען ביז די סאניט. קאמ. וועט וועגען דעם האנדלען, איז דר. ראזענבערג דארויף איינגעגאנגען. עס האט געשיינט אז אלעס ווערט שטיל און רוהיג, נאר פלוצלונג האט איין פאציענט גערופען „סקעבס" די 11 פאציענטען וואס זיינען ארונטער געגאנגען מאנטאג עסען, און עס האט זיך אנגעפאנגען א געשלעג. דר. ראזענבערג, זעהענדיג דיזען צושטאנד, האט געלאזט ארעסטירען די פאציענטען, וועלכע ער האט געהאלטען פאראנטווארטליך פאר׳ן געשלעג.

ווען דיזער געשלעג האט פאסירט איז קיינער פון דער סאניט. קאמ. ניט געוועזען אין סאניט.. אן אנגעשטעלטער פון סאניטאריום, וויסענדיג אז פר. גוסקין, טשערמאן פון סאניט. קאמ. געפינט זיך אויף זיין וואקיישאן אין א פלאץ ניט ווייט פון סאניטאריום, האט איהם געלאזט וויסען פון דער פאסירונג. פר. גוסקין איז גלייך געקומען און די דריי ארעסטירטע פאציענטען ארויסגענומען אויף בייל. צוריקקומענדיג מיט די דריי פאציענטען, וועלכע ער האט געביילט, האט מען איהם ערקלעהרט אז די פאציענטען ענטזאגען זיך צו עסען צוזאמען מיט יענע עלף אין דיינינג רום. וויפיעל פר. גוסקין האט מיט די פאציענטען ניט איינגעטענה׳ט און זיי בעוויזען ווי אונגערעכט זייער פערהאלטען איז, האט אבער אין דיזען מאמענט קיין זאך ניט געהאלפען און מען האט געמוזט ארויסנעהמען דיזע 11 פאציענטען פון סאניטאריום און איבערפיהרען אין א פריוואטען האטעל, ווייל די איבריגע פאציענטען האבען זיי געסטראשעט מיט געשלעג. די סאניט. קאמ. האט נאכהער געדארפט באצאהלען צום האטעל־קיפער א ביל פאר עטליכע הונדערט דאלאר פאר אויפהאלטען דיזע עלף פאציענטען איבער א וואך צייט.

די גאנצע סיטואציע איז דיזען מאל דערגאנגען צו אזא עקסטרים, דאס די סאניטאריום קאמיטע האט ניט געוואלט טראגען אויף זיך אליין די פאראנטווארטליכקייט צו נעהמען די נויטיגע שטעלונג. אין אזא ערנסטען מאמענט. א [illegible] מיטינג פון דער נאצ. עקז. קאמ. איז אויף דעם פארלאנג פון דער סאניט. קאמ. גערופען געווארען און די זאך איז איבערגעגעבען געווארען אין די הענד פון דער גאנצער עקז. קאמ.

די נאצ. עקז. קאמ. האט ערוועהלט אן אונטערזוכונגס קאמיטע פון 5 צו אונטערזוכען די גאנצע אנגעלעגענהייט און [illegible] נעהמען די נויטיגע שריטע צו פארמיידען אזעלכע פאסירונגען

# פערגלייכונג פון סאניטאריום אויסגאבען פאר די יאהרען 1916, 1917, 1918 און 1919

| פארוואלטונג | 1916 | 1917 | 1918 | 1919 |
|---|---|---|---|---|
| סאלאריעס — — — — — | $1,020.81 | $1.153.92 | $1,995.21 | $3,747.33 |
| טעלעפאן און טעלעגראף — | 119.03 | 227.77 | 293.72 | 456.31 |
| אמיוזמענט און עדיוקיישאן | 149.21 | 97.24 | 283.80 | 578.54 |
| פארשיעדענעס — — — — | 230.42 | 89.25 | 175.99 | 264.37 |
| פרעזענטען צום נייעם יאר | — | 71.00 | 45.00 | 87.50 |
| העלפ (עקסטרא) — — — | — | 42.75 | 425.82 | 806.50 |
| סטיישאנערי, פאסטעדזש, פרינטינג און אדווערטייז. | 328.29 | 270.29 | 568.88 | 572.19 |
| קאמפענסיישאן אינשורענס | — | — | — | 96.07 |
| טאטאל — — | $1,757.76 | $1,953.22 | $3,788.37 | $6,608.81 |
| **מעדיצינישע** | | | | |
| סאלאריעס — — — — — | $4,117.34 | $4,968.19 | $5,575.00 | $6,324.76 |
| געהאלט פון וויז. פיזישען | 500.00 | 500.00 | 500.00 | 914.51 |
| דראגס און מעדיק. סופלייס | 402.60 | 1,172.07 | 320.91 | 948.99 |
| גאז — — — — — — | 294.96 | 664.87 | 689.47 | 799.64 |
| טערמאמעטערס — — — | 116.88 | 120.94 | 232.90 | 267.20 |
| עקס-רעי סופלייס — — — | 166.10 | 583.90 | 303.39 | 294.55 |
| שפיי-קעסטעלעך — — — | 63.48 | 89.09 | 45.00 | 227.46 |
| מאטערס — — — — | — | 2.52 | — | — |
| סטיישאנערי — — — — | 166.53 | 32.10 | 166.39 | — |
| פארשיעדענעס — — — — | — | 33.99 | 35.00 | 50.96 |
| טאטאל — — | $5,827.89 | $8,168.67 | $8,068.06 | $9,828.07 |
| **דעפארטמענט אויסגאבען הויז אויפהאלטונג:** | | | | |
| סאלאריעס — — — — — | $2,393.61 | $3,248.76 | $3,215.41 | $4,431.77 |
| סופלייס — — — — — — | 1,061.19 | 1,513.26 | 167.69 | 1,615.97 |
| ליילען און האנדטיכער — | 209.73 | 550.30 | 753.32 | 197.06 |
| בלענקעטס — — — — — | 139.79 | 1,044.71 | 337.62 | — |
| דעקארעישאנס — — — — | — | 31.20 | 26.76 | 92.04 |
| פארשיעדענעס — — — — | 146.19 | 170.16 | — | — |
| טאטאל — — | $3,950.41 | $6,558.39 | $4,500.80 | $6,336.84 |
| **קיטשען:** | | | | |
| סאלאריעס — — — — — | $1,384.25 | $1,968.34 | $2,909.29 | $2,734.52 |
| סופלייס — — — — — — | 100.39 | 133.98 | 426.08 | 191.41 |
| טאטאל — — | $1,484.64 | $2,102.32 | $3,335.37 | $2,925.93 |
| **לאנדרי:** | | | | |
| סאלאריעס — — — — — | $625.42 | $819.48 | $1,580.05 | $1,434.84 |
| סופלייס — — — — — | 123.89 | 262.49 | 696.75 | 362.75 |
| בעלטינג — — — — — | — | 24.60 | — | — |
| טאטאל — — | $749.31 | $1,106.57 | $2,276.80 | $1,797.59 |
| גרענד טאטאל — — — — | $6,184.36 | $9,767.28 | $10,112.07 | $11,060.36 |
| **שפייז:** | | | | |
| ברויט און ביסקוויטס — | $1,035.47 | $1,851.72 | $2,172.34 | $2,317.61 |
| מילך, קריעם, בוטער, קעז | 5,746.46 | 8,748.14 | 10,466.10 | 11,627.45 |
| אייער געקויפט — — — | 3,405.34 | 5,841.26 | 1,357.13 | 582.83 |
| אייער פון פאלטרי ריינטש | — | — | 6,093.10 | 6,276.93 |
| פלייש, פיש און הערינג — | 2,732.24 | 4,470.14 | 8,683.24 | 8,449.26 |
| טשיקען געקויפט — — — | 2,996.41 | 5,267.41 | 2,083.34 | 1,598.22 |
| טשיקען פון פאלטרי ריינטש | — | — | 2,883.52 | 4,324.22 |
| פרוכט און גרינסען געקויפט | 2,780.00 | 4,644.46 | 5,539.04 | 6,854.00 |
| פרוכט, גרינסען פון פארם | — | — | 950.71 | 134.25 |
| גראסעריעס — — — — — | 1,975.99 | 3,884.00 | 3,010.32 | 4,230.39 |
| ליקאר — — — — — — | — | 17.75 | 24.04 | 13.40 |
| בארד פאר פאציענטען — | — | — | — | 340.00 |
| טאטאל — — | $20,671.91 | $34,725.81 | $43,262.88 | $46,748.56 |
| **אלגעמיינע הויז און בילדינג אויסגאבען:** | | | | |
| **עלעקטריק באלייכטונג, פאור און סופלייס** — — | $1,350.62 | $1,717.81 | $1.430.36 | $1,665.79 |
| אינשורענס — — — — | 514.75 | 1,043.25 | 799.80 | 1.350.61 |
| טעקסעס — — — — — — | 251.55 | 141.22 | 358.24 | 524.33 |
| קוילען — — — — — — | 3,196.67 | 3,688.62 | 4,501.70 | 6.190.00 |
| אייז — — — — — — — | 166.58 | 100.00 | 245.00 | 229.50 |
| טאטאל — — | $5,749.77 | $6,690.90 | $7,335.10 | $9,960.23 |
| **ריעל עסטייט און בילדינג אויסגאבען:** | | | | |
| סאלאריעס — — — — — | $628.01 | $1,224.30 | $1.418.61 | $547.87 |
| ריפיירס — — — — — — | 171.63 | 435.16 | 385.82 | 1,867.01 |
| אויסבעסערונג פון די גראונדס און פעלד — — | 106.42 | 296.20 | 274.33 | 624.33 |
| פיינטינג — — — — — | 171.42 | 1,477.17 | 68.37 | — |
| סופלייס — — — — — | 367.48 | 83.65 | — | — |
| טאטאל — — | $1.444.96 | $3,516.48 | $2,147.13 | $3.039.21 |
| **סטייבל** | | | | |
| סאלאריעס — — — — — | $351.75 | $292.31 | $472.19 | $679.03 |
| שפייז פאר די פערד — — | 966.02 | 1,445.83 | 220.55 | 508.89 |
| ריפיירס און סופלייס — | 257.33 | 411.74 | 611.15 | 331.50 |
| ליווערי — — — — — — | 228.00 | 287.00 | 147.50 | 312.60 |
| לייסענס פאר די קאר — — | — | 2.50 | — | — |
| אטא סופלייס און ריפיירס | — | — | — | 1,107.87 |
| טאטאל — — | $1,803.10 | $2,439.38 | $1,451.39 | $2,939.89 |
| **אויסגאבען פאר מאשינערי און געצייג:** | | | | |
| סאלאריעס — — — — — | $716.27 | $668.62 | $774.13 | $1,164.81 |
| סופלייס און ריפיירס — — | 172.07 | 11.50 | — | 206.22 |
| פלאמבינג — — — — — | 102.95 | 288.00 | 1,036.03 | — |
| טאטאל — — | $991.29 | $968.12 | $1,810.16 | $1.371.03 |
| טאטאל — — | $9,719.12 | $13,614.88 | $12,743.78 | $17,406.43 |
| אומגעקערטע קעש — — | 10.97 | — | — | — |
| גרענד טאטאל — — | $9,708.15 | $13,614.88 | $12,743.38 | $17,406.43 |

פאַרם אויסהאַלטונג:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| סאַלאַריעס — — — — — | ——— | $402.92 | $919.75 | $1,046.31 |
| סופּלייס — — — — — | ——— | 64.50 | 155.69 | 170.93 |
| [illegible] — — — — — — | ——— | 151.50 | 1.60 | 125.96 |
| קאַר — — — — — — | ——— | 284.74 | ——— | ——— |
| באַניסטונג — — — — — | ——— | 87.89 | ——— | ——— |
| אַרבייט — — — — — — | ——— | ——— | ——— | 587.30 |
| טאָטאַל — — | ——— | $991.55 | $1,076.44 | $1,930.50 |
| אינקאָם פון פאַרם פּראָדוקט. | ——— | 278.96 | 957.17 | 831.34 |
| טאָטאַל — — | $315.75 | $612.59 | $119.27 | $1,099.16 |

סאַניטאַריום קאָמיטע:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| קאָמיטע אויסגאַבען — — | $182.34 | $147.27 | $136.35 | $180.99 |
| סאַלאַרי ((רעק. סעק.) — | 173.42 | 216.61 | 298.28 | 380.50 |

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| סובסקריפּשאָן „נייע וועלט" און „קאָלל" — — — | ——— | 16.50 | ——— | ——— |
| קאָמיטעס ציוניסט־פּאַרלוסט — | 57.90 | 46.50 | 59.75 | 288.00 |
| רייזלראָוד פעיר (צו און פון סאַניטאַריום, פון מעדיק. אַדווייזאָרי באָארד, וויזיטינג פיזישען, קאָמ.א.ד.ג. | 733.34 | 803.14 | 957.04 | 1,126.63 |
| טאָטאַל — — | $1,147.00 | $1,224.10 | $1,451.42 | $1,976.12 |
| דעפּרעשיאיישאָן 10% — | $1,457.79 | $1,622.69 | $1,562.41 | $1,668.09 |
| סעטלמענט פון זיסקינד קיים | ——— | 800.80 | ——— | ——— |
| טאָטאַל — — | $1,457.79 | $2,423.49 | $1,562.41 | $1,668.09 |
| גרענד טאָטאַל — — | $47,070.61 | $72,488.96 | $81,116.22 | $96,299.53 |

## פערגלייכונג פון טעגליכע אויסגאַבען פאַר יעדען פּאַציענט פער טאָג פאַר די יאָהרען 1916, 1917, 1918 און 1919

| | דורכשניטליכע אויסגאַבען פער טאָג | | | | | | | | טעגליכע אויסגאַבען פער פּאַציענט | | | | פערגרעסערונג פון די טעגליכע אויסגאַבען | | | | | | פערקלענערונג פון די טעגליכע אויסגאַבען | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | 1916 | | 1917 | | 1918 | | 1919 | | | | | | אין 1917 | | אין 1918 | | אין 1919 | | אין 1917 | | אין 1918 | | אין 1919 | |
| | סומע | % | סומע | % | סומע | % | סומע | % | 1916 | 1917 | 1918 | 1919 | סומע | % | סומע | % | סומע | % | סומע | % | סומע | % | סומע | % |
| פאַרוואַלטונג — — — | 4.81 | 3.8 | 5.36 | 2.7 | 10.10 | 4.5 | 17.84 | 6.8 | .102 | .083 | .172 | .288 | — | — | .089 | 11.2 | .1162 | 67.4 | .019 | 18.6 | — | — | — | — |
| מעדיצינישע — — — | 15.95 | 12.4 | 22.26 | 11.5 | 23.72 | 10.6 | 26.93 | 10.2 | .338 | .344 | .404 | .434 | .006 | 1.8 | .060 | 7.5 | .030 | 7.4 | — | — | — | — | — | — |
| הויז אויפהאַלטונג — | 16.96 | 13.2 | 26.76 | 13.3 | 27.70 | 12.4 | 30.30 | 11.5 | .358 | .412 | .471 | .489 | .054 | 15.1 | .059 | 7.4 | .018 | 3.8 | — | — | — | — | — | — |
| הויז, בילד. אויסגאַבען | 25.96 | 20.2 | 37.30 | 18.7 | 34.90 | 15.7 | 47.69 | 18.1 | .549 | .575 | .593 | .767 | .026 | 2.1 | .018 | 2.3 | .174 | 29.3 | — | — | — | — | — | — |
| פאַרם אויפהאַלטונג — | .86 | .7 | 1.68 | .9 | .33 | .1 | 3.01 | 1.1 | .018 | .026 | .006 | .048 | .008 | 44.5 | — | — | .042 | — | — | — | .020 | 2.5 | — | — |
| סאַניטאַריום קאָמ. — | 3.14 | 2.4 | 3.36 | 1.7 | 3.98 | 1.8 | 5.42 | 2.0 | .066 | .052 | .070 | .087 | — | — | .018 | 2.3 | .017 | 24.3 | .014 | 4.6 | — | — | — | — |
| דעפּרעשיאיישאָן — — | 3.99 | 3.2 | 6.35 | 3.3 | 4.28 | 1.9 | 4.52 | 1.7 | .084 | .102 | .070 | .063 | .018 | 2.1 | — | — | — | — | — | — | .032 | 4.0 | .007 | 10 |
| שפּייז — — — — | 56.34 | 44.0 | 95.15 | 47.9 | 118.30 | 53.0 | 128.08 | 48.5 | 1.193 | 1.467 | 2.02 | 2.066 | .274 | 22.9 | .553 | 37.8 | .046 | 2.3 | — | — | — | — | — | — |
| טאָטאַל — — | 128.01 | 100.0 | 190.24 | 100.0 | 223.31 | 100.0 | 263.79 | 100.0 | 2.730 | 3.057 | 3.79 | 4.242 | .380 | — | .797 | — | .452 | — | .033 | — | .052 | — | .700 | — |

### פארגלייכונג פון די שפייז אויסגאבען פאר די יאהרען 1916, 1917, 1918 און 1919.

| | אויסגאבען | | | | טעגליכע אויסגאבען פאר פאציענט | | | | טעגליכע אויסגאבען פאר פאציענט פארגרעסערט פון יאהר צו יאהר | | | | | | טעגליכע אויסגאבען פערקלענערט אין 1919 | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | | | | | | | | | פון 1916 צו 1917 | | פון 1917 צו 1918 | | פון 1918 צו 1919 | | | |
| | 1916 | 1917 | 1918 | 1919 | 1916 | 1917 | | 1918 | סומע | | % | | סומע | | % | סומע |
| ברויט | 1035.17 | 1851.72 | 2172.34 | 2317.61 | .060 | .076 | .101 | .102 | .016 | 1.3 | .025 | 1.69 | .001 | 1.0 | — | — |
| מילך, קריעם און פוטער | 5746.16 | 8748.14 | 10466,10 | 11627.45 | .332 | .374 | .486 | .514 | .042 | 3.5 | .112 | 7.57 | .028 | 57.6 | — | — |
| אייער | 3405.34 | 5841.26 | 7450 23 | 6859.76 | .197 | .250 | .346 | .303 | .053 | 4.4 | .096 | 6.48 | — | — | .043 | 12.4 |
| פלייש, פיש און הערינג | 2732.21 | 4470.14 | 8683.24 | 8449.26 | .157 | .191 | .403 | .373 | .034 | 2.8 | .212 | 14.30 | — | — | .030 | 7.4 |
| טשיקען | 2996.41 | 5267.41 | 4966.86 | 5922.44 | .172 | .225 | .231 | .262 | .053 | 4.4 | .006 | .45 | .031 | 13.4 | — | — |
| פרוכט און גרינסען | 2780.00 | 4644.46 | 6489.75 | 6988.25 | .162 | .198 | .301 | .309 | .036 | 3.0 | .103 | 6.93 | .008 | 2.7 | — | — |
| גראָסעריעס | 1975.99 | 3884.93 | 3010.32 | 4230.39 | .118 | .166 | .140 | .187 | .048 | 4.0 | — | — | .047 | 33.6 | — | — |
| ליקאר | — | 17.75 | 24.04 | 13.40 | — | — | — | .150 | — | — | — | — | — | — | — | — |
| באָארד פאר פאציענטען | — | — | — | 340.00 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — |
| טאָטאַל | 20671.91 | 34725.81 | 43262.88 | 46748.56 | 1.198 | 1.480 | 2.008 | 2.200 | .282 | 23.4 | .554 | 37.45 | — | — | — | — |

### טעגליכע פאציענטען

| 1916 | 1917 | 1918 | 1919 |
|---|---|---|---|
| 47.2 | 64.8 | 59.5 | 62. |

## טשיקען פארם

| | 1916 | 1917 | 1918 | 1919 | |
|---|---|---|---|---|---|
| בילדינגס ביז ערשטען יאנואר 1920 | — | — | — | — | $3,286.70 |
| אינקיובייטאר, אויבענס א. ד. גל. | — | — | — | — | 665.97 |
| **אויסגאבען פאר דעם רענטש:** | | | | | |
| סאלאריעס | $350.00 | $1,777.46 | $1,484.83 | $1,847.64 | |
| סופליים | 70.34 | 125.22 | 276.05 | 136.34 | |
| שפייז פאר די טשיקענס | 834.15 | 5,449.73 | 6,424.47 | 4,784.38 | |
| קויהלען | 13.20 | — | 32.12 | — | |
| אייער פאר העטשינג | 132.00 | 209.59 | 399.00 | 162.00 | |
| טשיקען געקויפט, $2154.43; באלאנס פון 1919, $2764.50 | — | — | — | 4,828.93 | |
| סטיישאנערי | — | — | — | 25.00 | |
| טאָטאַל | $1,399.69 | $7,562.00 | $8,616.47 | $11,784.29 | |
| **איינגאהמע פון רענטש:** | | | | | |
| פון אייער | $546.07 | $6,121.27 | $8,901.77 | $7,140.79 | |
| פון טשיקענס | 550.19 | 1,215.59 | 2,956.70 | 3,883.68 | |
| דעם 31טען דעצ. 1919 זיינען געוועזען 1843 טשיקענס | — | — | 2,764.50 | — | |
| דעם 31טען דעצ. 1920 זיינען געוועזען 1000 טשיקענס | — | — | — | 1,000.00 | |
| אומגעקעהרטע אויסגאבען | — | — | — | 40.55 | |
| טאָטאַל | $1,096.26 | $7,336.86 | $14,622.97 | $12,065.02 | |
| דעפיציט | 303.43 | 225.14 | — | — | |
| פראָפיט | — | — | 6,006.50 | 280.73 | |
| טאָטאַל | $1,399.69 | $7,562.00 | $8,616.47 | $11,784.23 | |

ן אויבערליכען חן דעם גאנצען אינסטיטושאן.

א דאנק זיין לאנג יעהריגער ערפאהרונג ווערט יעצט דער אניטאריום פארוואלטעט אויף אן אמת־עקאנאמישען אופן. ער אט, צ.ב. ביישפיעל, איינגעפיהרט אזא רעפארמע: ער האט גאנצען אפגעשאפט דעם אמט פון א מייטראן און איינגע־יהרט א סיסטעם צו האבען „העדס" אין יעדען דעפארטמענט, י דיינינג רום און קיטשען, לאונדרי, פארם און טשיקען רענטש, ארטער ארבייט א. ד. גל. דיזע סיסטעמע צייגט זיך ארויס צו ין א מעהר צופרידענשטעלענדע און פארמיידעט רייסערייען אס פלעגען פון צייט צו צייט פארקומען צווישען די אנגע־טעלטע.

דר. פיש איז ניט בלויז דער סופעראינטענדענט און מעדי־אל דירעקטאר פון סאניטאריום, נור ער מאכט אויף די פא־יענטען פיהלען, אז ער איז זייערער אן אמת'ער און איבער־געבענער פריינד. די פאציענטען שאצען אפ זיין איבערגעבענ־יט צום אינסטיטושאן און צייגען ארויס אכטונג און רעספעקט איהם.

## פארשידענע אויסבעסערונגען.

כמעט יעדען יאהר ווערען געמאכט פארשידענע אויסבעס־ערונגען, וועלכע זיינען א טייל פון דער שטופענווייזער ענט־וויקלונג פון אונזער סאניטאריום. אויך דיזען יאהר זיינען א יבשע צאהל אויסבעסערונגען געמאכט געווארען אויף פאר־שידענע געביטען. די גאנצע האספיטאל־געביידע איז איבער־פארבט געווארען, אויך אינערליך איז דער האספיטאל אזוי ־פגעפיצט געווארען, דאס ער זעהט יעצט אויס מיט הונ־דערט פראצענט שעהנער ווי פריהער. אין דער אדמיניסטריי־ען בילדינג, אין אפיס און קיטשען זיינען געמאכט געווארען ארשידענע אויסבעסערונגען פאר דער באקוועמליכקייט פון די געשטעלטע.

איינינע „רעפעירס" זיינען אויך געמאכט געווארען אין די ינגטום" און אין דער לאונדרי. עס איז פארפערטיגט געווא־ן א ספעציעלער פלאץ פאר די חזירים.

אין די גינטום זיינען ארייגגעשטעלט געווארען נייע „ענע־ג'י טייבעלס". צווישען די בעטלאך וואו די פאציענטען שלא־ן. די גראונדס פון סאניטאריום זיינען אויסגעליגט געווא־ מיט „גרעוועל" שטיינדלאך און אין איינינע פלעצער זיינען רפלאנצט געווארען בלומען. די עקסטרע רום, וועלכע גע־ם זיך אין בייסמענט פון האספיטאל געביידע, איז איבער־פיינט געווארען און געמאכט געווארען אלס מאדערנע אפא־ט רום. אויך זיינען געקויפט געווארען צוויי אויטאמאבילס אן אויטאמאביל פאר פאסאזשירען און א טראק אויף צו ־רען פראדוקטען.

מיר האבען דיזען יאהר געהאט גרויסע שוועריגקייטען מיט ר וואסער־לייטונג־סיסטעם. עס זיינען געווען צייטען ווען האט געשיינט, אז דער סאניטאריום וועט בלייבען אהן וואס־ר. טיילווייז איז עס געווען צוליעב דעם שווערען, קאלטען מער, וואס מיר האבען דיזען יאהר געהאט. מיר זיינען דא־ געווען געצוואונגען צו ברייננען פון ניו יארק א ספעציא־ט־אינזשעניר, וועלכער האט דארט געארבייט ארום צוויי כען און געפיקסט אי די וואסער־לייטונג, אי דעם „באילער" דער לאונדרי: דיזע עקסטרא ארבייט האט געקאסט איבער הונדערט דאלאר.

ביי דיזער געלעגענהייט וויכען מיר דערמאנען, אז פר. י. ישפיעל פון בר. 4/, וועלכער איז א אינזשעניר, האט אונז געהאלפען מיט ראטה און טהאט אין פארלויף פון דער צער צייט וואס מיר זיינען אין אמט. מיר דריקען אויס אונ־הער־צליכסטען דאנק צו פר. דרייזשפיעל פאר זיינע דיענסטע ער האט געלייסטעט פאר'ן סאניטאריום אונענטגעלטליך.

## טשיקען רענטש און פארם

דער טשיקען רענטש און די פארם זיינען דיזען יאהר בע־ייטעט געווארען פון ערפאהרענע מענשען אויף דיזען געביט. די פראדוקציאן פון טשיקען רענטש איז דעם יאהר געווען גענד כמעט פאר דעם גאנצען געברויך פון סאניטאריום. האבען יעצט ארום 3000 טשיקענס וועלכע ברייננען אריין צייט פון סיזאן ארום 70 דאזען אייער א טאג. ניט נאר ען מיר גענוג פרישע אייער און טשיקענס פאר דעם גע־ך פון סאניטאריום, נאר עס ווערט נאך פערקויפט אויף יבשע סומע. לעצטענס איז אין טשיקען רענטש אויף געפיהרט געווארען א „דעי לייט סיסטעם", וואס מאכט טשיקענס צו לייגען אייער אויך אין די אווענד שטונדען.

פון די געדרוקטע טאבעלען אין דיזען רעפארט וועט איהר קענען זעהען אויף ווי וויט די בעארבייטונג פון טשיקען־רענטש האט זיך בעצאהלט. וואס מיר ווילען אבער דא אנ־דייטען איז: אז דער טשיקען רענטש איז פאר אונזער סא־ניטאריום זעהר וויכטיג ניט אזוי צוליעב דעם פראפיט ווי צוליעב דעם אז מיר קענען שטענדיג האבען פרישע אייער און פאולטרי פאר די פאציענטען.

די פארם האט אויך פראדוצירט א היבשע ביסעל וועד־זשעטייבעלס פאר דעם געברויך אין סאניטאריום.

## קאנצערטען און פארוויילונגען

אין פארלויף פון יאהר האבען מיר אראנזשירט איינינע קאנצערטען אויף די גראונדס פון סאניטאריום. דיזע קאנ־צערטען זיינען געהאלטען געווארען דעם 5טען דזשולויי און דעם 16טען אויגוסט. פארשידענע גוטע קרעפטע זיינען גע־בראכט געווארען פון ניו־יארק און די פאציענטען האבען פאר־בראכט צוויי אמת אנגענעהמע און אמוזירענדע אבענדען. מיר האבען געמאכט א פארזוך אז אזעלכע קאנצערטען זאלען גע־האלטען ווערען יעדען מאנאט, אבער פערשיעדענע זייטיגע אומשטענדען האבען אונז געשטערט דיזען דורכצופיהרען.

מיר האבען אויך געמאכט ארענדזשמענטס מיט א געווי־סער פילם קאמפאני וועלכע שיקט צו יעדע וואך א פילם אין סאניטאריום און מאווינג פיקטשורס ווערען געצייגט יעדע שבת אבענד. דאס טראגט אריין אביסעל פארשידענארטיגקייט אין דעם אלטעגליכען לעבען פון די פאציענטען.

## צעהנטער יאהרעספעסט פון סאניטאריום

דעם 12טען פעברואר 1920 איז אונזער סאניטאריום 10 יאהר אלט געווארען. די לעצטע עטליכע יאהר איז געווארען א מנהג צו פייערען דעם סאניטאריום יום־טוב ניט בלויז אין סאניטאריום נאר אין אלע גרעסערע שטעדט איבער'ן לאנד.

צוליעב דעם 10־יעהריגען יובילעאום האבען מיר געמאכט ספעציעלע ארענדזשמענטס פאר א גרויסען קאנצערט אין ניו־יארק ביי וועלכען די ברייטע מיטגלידערשאפט פון ניו־יארק און אומגעגענד זאלען קאנען אנוועזענד זיין. ביים מאכען פארבערייטונגען פאר'ן קאנצערט האבען מיר געפלאנעוועט איינצולאדען פארטרעטער פון דער גאנצער ארבייטער באוועגונג צו באטייליגען זיך אין דיזען יום־טוב. נאר צוליעב די רעאקציאנערע שטימונג, וואס הערשט יעצט ביי אונז אין לאנד, האבען די אייגענטימער פון די גרויסע האלס אונז געשטעלט באדינגונגען אז קיינע רעדעס זאלען געהאלטען ווערען. מיר האבען זיך לײדער געמוזט באנוגענען בלויז מיט א קאנצערט, דורכגעפיהרט פון מוזיקאלישע און ליטערארישע קרעפטען, אהן בעגריסונגס־רעדעס. בלויז אב. עפשטיין, טשערמאן פון דער נאצ. עקז. קאמ., י. האלפערן, אדמיטינג דאקטאר פון סאניטא־ריום און סעקרעטער פון דער מעדיקאל אדוויזערי באארד, און ר. גוסקין, דער טשערמאן פון סאניטאריום קאמיטע, האבען אין קורצע ווערטער איבערגעגעבען דעם פראגרעס וואס אונזער סא־ניטאריום האט געמאכט אין פארלויף פון זיין 10־יעהריגער עקזיסטענץ.

דיזער סאניטאריום פעסט איז אבגעהאלטען געווארען זונ־טאג נאכמיטאג דעם 8טען פעברואר אין מאנהעטען אפערא הויז, ניו־יארק.

מיר האבען דיזען יאהר, ווי אין די לעצטע עטליכע יאהר, באשלאסען איבערצוגעבען דעם גאנצען פראפיט פון דיזער אונ־טערנעהמונג פאר דעם פופציגטויזענד דאלאר פאנד וואס די נאצ. עקז. קאמ. זאמעלט פאר די מלחמה קרבנות. דער „פרא־פיט פון דיזער אונטערנעהמונג איז געווען איבער זעקס הונ־דערט דאלער.

אין סאניטאריום גופא איז דער 10־יעהריגער יובילעאום געפייערט געווארען שבת אבענד דעם 14טען פעברואר דורך א קאנצערט, און זונטאג נאכמיטאג דעם 15טען פעברואר דורך א באנקעט פאר אלע פאציענטען און געסט. סיי ביים קאנ־צערט און סיי ביים באנקעט האבען זיך אונענטגעלטליך בעטייליגט: דער טאלאנטפולער שוישפילער סעמועל גאלדענבורג, מארק שווייד, מיס לוסי פינקעל, מיס רינגעל, און משה שאר. די גענאסען י. אדלער (ב. קאוונער) און ב. באטווניק האבען פארגעלעזען פון זייערע שריפטען, און די הומאריסטען־קיבעצער פון א. ר. וויליאם באקסט און ל. ראטהמאן האבען דעם עולם אמוזירט מיט א ביסעל פעפערדיגען קיבעץ. פאסענדע בע־

## אין פארלויף פון יאהר 1919 זיינען פון סאניטאריום אויסגעשריבען געווארען 119 * פאציענטען.

די פאלגענדע טאבעלע צייגט דעם צושטאנד פון די 119 פאציענטען ביים אריינקומען און ביים פארלאזען דעם סאניטאריום.

| ביי דעם אריינקומען אין סאניטאריום: צושטאנד פון קראנקהייט | אויסזיכטען פון קראנקהייט | ביים פארלאזען דעם סאניטאריום |
|---|---|---|
| אינסיפיענט (1טע סטיידזש) | גוט — — — — 32<br>אויסגעצייכענט — — — 24<br>צווייפעלהאפט — — — 1<br>טאטאל — — 57 (%47.9) | קראנקהייט אפגעשטעלט — — — — 30<br>פארבעסערט — — — — — 5<br>נישט געענדערט — — — — 3<br>נישט טובערקולאר — — — — 5<br>אין שטילשטאנד — — — — 14<br>טאטאל — — 57 |
| אדוואנסד (2טע סטיידזש) | צווייפעלהאפט — — — 2<br>טאטאל — — 2 (%1.7) | פארבעסערט — — — — — 1<br>נישט געענדערט — — — — 1<br>טאטאל — — 2 |
| מאדעריט אדוואנסד | גוט — — — — 44<br>צווייפעלהאפט — — — 3<br>אויסגעצייכענט — — — 3<br>טאטאל — — 50 (%42) | קראנקהייט אפגעשטעלט — — — 17<br>פארבעסערט — — — — — 10<br>אין שטילשטאנד — — — — 18<br>נישט טובערקולאר — — — — 4<br>קיין רעזולטאט — — — — 1<br>טאטאל — — 50 |
| פיר אבזערוויישאן | אומבאוואוסט — — — 10<br>טאטאל — — 10 (%8.4) | נישט טובערקולאר — — — — 1<br>קראנקהייט אפגעשטעלט — — — 7<br>פארבעסערט — — — — — 1<br>אין שטילשטאנד — — — — 1<br>טאטאל — — 10 |

* אין די 119 פאציענטען זיינען ניט אריינגערעכענט די פאציענטען וואס זיינען געוועזען אין סאניטאריום וויניגער פון א מאנא[ט] און נישט דיזע פאציענטען וואס זיינען געוועזען אין סאניטאריום מעהר ווי איין מאל.

גריסונגס רעדען זיינען אויך געהאלטען געווארען פון אב. עפשטיין, י. באסקין, ר. גוסקין, י. ב. בייליז, דר. האלפערין, דר. פיש, דר. ראזענבערג, דר. ראיעווסקי, דר. זינגער, ה. לאנג, י. דריישפיעל, מ. אנאפאל, ל. דינערשטיין, י. אלפערט, י. קלופט ב. לעוויטאן און אויך פון איניגע פאציענטען.

דער יום טוב אין סאניטאריום האט געשאפען א געהויבענע שטימונג ביי די פאציענטען און אלע אנוועזענדע. די קינסטלער אזוי גוט ווי מאנכע פון די געסט און פאציענטען זיינען געוועזען אזוי בעגייסטערט פון דער פריינדליכער אטמאספערע וואס הערשט אין סאניטאריום, אז זיי האבען ערקלערט אז דער איינדרוק פון דעם 10־יעהריגען יובילעאום וועט אויף אייביג בלייבען אין זייער זכרון.

### מאקס פערלאוויץ

די טרויעריגסטע פאסירונג וואס די סאניטאריום קאמיטע האט דיזען יאהר צו פארצייכענען, איז דער פריהצייטיגער טויט פון אונזער טייערען פריינד מאקס פערלאוויץ, וועלכער איז געוועזען א מיטגליעד אין דער סאניט. קאמ. פאר די לעצטע דריי יאהר.

מאקס פערלאוויץ האט די גאנצע צייט וואס ער איז געוועזען אין דער סאניטאריום קאמיטע אבגעגעבען פיעל, אויב ניט די גאנצע פון זיינע פרייע שטונדען און טעג פאר די אינטערעסען פון אונזער אינסטיטושאן, וועלכען ער האט געליעבט מיט זיין גאנצער ווארימער נשמה.

זיין טויט איז געווען א שווערער קלאפ פאר אלע די וועלכע האבען איהם געקענט, בפרט פאר די מיטגלידער פון דער סאניטאריום קאמיטע, און פאר די פאציענטען, וועלכע האבען איהם געליעבט ווי אן אמת׳ען חבר.

אלס עהרע צו זיין אנדענקען איז זיין פלאץ אין דער סאניטאריום קאמיטע געווען וואקאנט א מאנאט צייט, און נאכהער איז פר. י. אלפערט צוגעצויגען געווארען אויף זיין פלאץ.

### מעדיקאל אדווייזערי באארד

אונזער מעדיקאל אדווייזערי באארד בעשטעהט פון פאל[־]גענדע בעקאנטע דאקטוירים: דר. ראם, טשערמאן; דר. האלפערן, סעקרעטער; דר. ס. אינגערמאן; דר. מ. פרידמאן; דר. ראזענטאל, דר. ס. פעסקין.

די מעדיציניש[ע] זייט פון סאניטאריום איז אוועקגעשטע[לט] געווארען אויף א געזונדען באזיס, און דיזען יאהר איז א[ז] זעהר וועניג איינגעקומען זיך צו בעראטען מיט די מעדיקא[ל] אדווייזערי באארד, אבוואהל די מעדיקאל אדווייזערי באא[רד] און איהרע מיטגלידער אינדיווידועל זיינען שטענדיג גרייט [צו] שענקען דעם סאניטאריום די נויטיגע אויפמערקזאמקייט.

מיר ווילען ביי דער געלעגענהייט דערמאנען דר. י. קא[ל]פערן, אונזער אדמיטינג און וויזיטינג דאקטאר, וועמעס איבע[ר]געבענהייט צו די אינטערעסען פון סאניטאריום איז אונשע[ץ]באר. דר. האלפערן באציהט זיך שטענדיג זעהר ערנסט [צו] זיינע אויפגאבען אלס אדמיטינג דאקטאר און ארבייט שטענד[יג] פאר דעם וואהלזיין פון די פאציענטען.

די סאניטאריום קאמיטע שעצט הויך זיין טרייהייט א[ון] איבערגעבענהייט צו אונזער אנשטאלט, און דריקט אויס [צו] איהם דעם אינערליכסטען און הארצליכסטען דאנק פאר זיי[נע] גוטע דיענסטע.

מיר האבען אין דיזען רעפארט זיך אבגעשטעלט בק[ורץ] אויף די וויכטיגסטע ארבייט וואס איז דיזען יאהר דורכגעפיה[רט] געווארען, אבער דער רעפארט נעהמט ניט ארום די גאנצ[ע] טעטיגקייט אונזערע פאר דער צייט וואס מיר זיינען אין אמ[ט] און גיט אויך ניט איבער אין איינצעלהייטען וועגען דער אלטע[ג]ליכער רוטינער ארבייט וואס האט אפגענומען זעהר פיעל פ[ון] אונזער צייט.

אמת, קיין נייע גרויסע איינריכטונגען זיינען דיזען יאה[ר] ניט איינגעפיהרט געווארען, אבער ווען מיר ווארפען א בל[יק] אויף די פערשידענע קליינע אויסבעסערונגען וואס מיר האב[ען] דיזען יאהר דורכגעפיהרט, זיינען מיר שטאלץ מיט בעוואוס[ט]זיין, אז מיר גיבען איבער די פארוואלטונג פון סאניטארי[ום] צו אונזערע נאכפאלגער אין א זעהר גוטען און גלענצענדען [צו]שטאנד.

מיר האָפען אַז די רעלעגאַטען צו דער צוואַנציגסטער יובילעאום־קאָנווענשאָן, ווי אויך די ברייטע מיטגלידערשאַפט, וועלען אַנערקענען, אַז מיר האָבען געטהאָן אונזער פליכט און געהאָלפען, אויף וויפיעל דאָס איז מעגליך אין פאַרלויף פון איין יאָהר, צו פאַרשענערען און מעהר ענטוויקלען אונזער באַליעבטע אינסטיטושאָן — דעם סאַניטאַריום פון ארבייטער רינג.

סאַניטאַריום קאָמיטע אַ. ר.

# רעפאָרט פון דר. פיש, סופעראינטענדענט פונ׳ם סאַניטאַריום

צום מעדיקאַל אַדווייזאָרי באָארד פונ׳ם אַ. ר. סאַניטאַריום

ווערטע הערען!

אינ׳ם פאַרלויף פונ׳ם יאָהר 1919 האָט אייער סאַניטאַריום באַהאַנדעלט 220 טובערקולאָזע קראַנקע. ווען מיר רעכענען אַראָפ דערפון די צוויי און פערציג פאַציענטען וואָס געפינען זיך ביי היינטיגען טאָג (31טער דעצעמבער 1919) אין סאַניטאַריום, בלייבט די צאָהל פון 178 פאַציענטען וואָס זיינען אהיימגעשיקט געוואָרען ווי פאָלגענד: 11 פון זיי האָבען אַרויסגעוויזען גאָר אינגאַנצען נישט צו זיין קיין טובערקולאָזע־קראַנקע, 16 זיינען שוין אַזוי קראַנק געווען, אַז מ׳האָט ניט געקאָנט ערוואַרטען, אַז זיי זאָלען זיך אַ סך בעסערען, 1 פאַציענט איז געשטאָרבען אַ וואָך נאָכדעם ווי ער איז אָנגעקומען אינ׳ם סאַניטאַריום, די איבעריגע 150, קענען מיר מיט פרייד בעריכטען, דינען אַוועק פון דעם סאַניטאַריום אין אַ „וואַהרשיינליך געהיילטען צושטאַנד", אָדער „אָפּגעשטעלטען פראָצעס", פעהיג זיך צוריק צו נעהמען צו זייער ארבייט, אַכטונג צו געבען אויף זיך זעלבסט און אויף די פאַמיליען, נאַטירליך מיט׳ן באַדינג, אַז זיי זאָלען ווייטער פיהרען אַ היגיעניש און רעגולירט לעבען לויט אונזערע פאָרשריפטען אינ׳ם סאַניטאַריום.

פאַרשידענע מעלות, וואָס זיינען כאַראַקטעריסטיש נאָך פאַר דיזען סאַניטאַריום, זיינען פאַראַנטוואָרטליך פאַר דעם דאָזיגען גלענצענדען רעזולטאַט. די וויכטיגסטע צווישען זיי זיינען: 1) וואָס אונזערע פאַציענטען באַראַטען זיך מיט׳ן דאָקטאָר וואָס דאַרף זיי אַריינגעהמען אין סאַניטאַריום דאַן ווען די קראַנקהייט איז נאָך אין איהר יוגענד, פיעלמאָל ווען איז נאָך אינ׳ם פאַר־טובערקולאָזיס סטאַדיום; 2) געוועהנליך, ווען מ׳ראַט אַ פאַציענט ער זאָל געהן אין אַ סאַניטאַריום אַריין, געהען איהם אויס די כחות ענטוועדער פון צאָהלען 50־60 דאָלאַר אַ וואָך אָדער פונ׳ם אָנקומען צו צדקה־אַנשטאַלטען און דורכגעהן אַלע זיבען אָפּטיילונגען פונ׳ם גיהנום. אַנדערש איז מיט אונזערם אַ פאַציענט, ער האָט זיך זיין אייגענעם סאַניטאַריום, ער דאַרף ניט אַרויסשלעפען די לעצטע פאַר דאָלאַר וואָס ער פאַרמאָגט, ער דאַרף אויך ניט אויסשטעהן די גאַנצע אָפּקומעניש פון נעהמען צדקה, און 3) דער דעמאָקראַטישער גייסט וואָס הערשט אין דעם דאָזיגען אַנשטאַלט, די היימישע אַטמאָספערע און די וואַרעמע באַציהונג וואָס הערשט צווישען די בעאַמטע און די פאַציענטען.

הויפטזעכליך איז וויכטיג דער ערשטער פון די דריי און אָן איהם הענגט אָפּ די אויסקונפט פון דער קראַנקהייט, ווייל דאָס פריה אויסגעפינען פון דער קראַנקהייט באַצייכענט די צייט ווען די לונגען האָבען נאָך נישט אַזוי פיעל געליטען פון די באַצילען און דאַרפען דעריבער ווייניגער פאַרריכט ווערען, אויך איז נאָך דעם פאַציענט׳ס כח און ווידערשטאַנדס־קראַפט נישט אַזוי פיעל אָפּגעקומען און ער איז דעריבער בעסער צוגעגרייט צום קאַמף פאַר׳ן צוריק געזונט ווערען. די לעצטע צוויי זיינען זעהר וויכטיג אינ׳ם לויף פונ׳ם באַהאַנדלען די קראַנקהייט, ווייל זיי איבען אויס זעהר אַ גוטע ווירקונג אויף די צוטרייסעלטע נערווען פונ׳ם קראַנקען. אין טובערקולאָזע ווי אין אַנדערע פאַרצווייגענע קראַנקהייטען ליידט די נשמה פונקט אַזוי גוט ווי דער קערפער, נאָכמעהר, אין טובערקולאָזע ליידט דער נערווען־סיסטעם טאָפּעלט: עס נעהמט אַנטייל אין די צרות וואָס קומען אַרויס פון דער קראַנקהייט און דאַרף צו דער זעלבער צייט זיין באַלעסטיגט מיט דער ארבייט וואָס ער האָט צו טאָן צוליעב׳ן פראָצעס פון ערהאָלונג. די שטרענגע פאָרם פון לעבען וואָס ווערט געפאָדערט פונ׳ם טובערקולאָזען קראַנקען, די קוראַציע, וואָס באַשטעהט מעהרסטענס פון „דאָס מוזטו טאָן און דאָס טאָרסטו נישט טאָן", קען גענוג אויפרעגען אַ מענשען וועמעס נערווען־סיסטעם עס איז שוין אַזוי אויך גענוג צושרויפט. מ׳מוז עס איהם דעריבער געבען אין אַ בעסערען וועג, אויף אַן אָנגענעהמערען שטייגער, מיט אַ ברודערליכע האַנט און אויף אַ דעמאָקראַטישען אופן. דאָס לעצטע, וואָס איך צו זאָגען, איז דאָס פאָרציגליכסטע מיטעל אין דער באַהאַנדלונג פון טובערקולאָזע, און איז באַזונדער אייגענטימליך פאַר׳ן „ארבייטער רינג סאַניטאַריום".

אינ׳ם פאַרלויף פון דעם יאָהר זיינען געמאַכט געוואָרען זעהר גרויסע אָנשטרענגונגען אויפצוקלערען אונזערע פאַציענטען און געבען זיי צו פאַרשטעהן, אַז *די קורירונג פונ׳ם טובערקולאָזע קראַנקען ווענדט זיך אָן איהם זעלבסט*. מ׳האָט זיי געלערנט די הויפט־וויכטיגע זאַכען פון דער קוראַציע; מ׳האָט זיי געגעבען צו פאַרשטעהן, אַז אַ סאַניטאַריום איז נישט נאָר אַ האָספּיטאַל, וואו דער קראַנקער קריגט נאָר די באַלד־נויטיגע הילף, די באַהאַנדלונג וואָס פאָדערט זיך דאַן אין דער צייט פון דער קראַנקהייט, נאָר עס איז פיעל מעהר: עס איז אַ שול, וואו ער לערנט ווי אַזוי ער דאַרף צו לעבען, ווי אַזוי ער דאַרף זיך פיהרען, ווי ער דאַרף איינאָרדנען זיין לעבען נאָכדעם ווי ער וועט אַרויס פון סאַניטאַריום, אַזוי אַז ער זאָל זיך קענען אויסהיטען פון שוואַך אָדער נאָך אַ מאָל קראַנק ווערען. *„דער וואָס געהט נאָך בלינדערהייט די קוראַציע פאַלט אַריין אין אַ גרוב"*. ווייל נישט זייענדיג באַוואוּנט אין דער „נאָך־קוראַציע", נעמט ער זיך צוריק צום אַלטען אַרט לעבען, דאַן ווי ער געהט אַרויס פון סאַניטאַריום, און דאָס איז מעהרסטענטיילס די אורזאַך פון איינפאַלען אָדער גאָר צוריק קראַנק ווערען.

אין דער ענדע פון מיין באַריכט וויל איך אויסדריקען מיין דאַנק צו דער סאַניטאַריום קאָמיטע פאַר דער גרויסער הילף און שטענדיג־גרייטער באַהילפיגקייט, וואָס זיי האָבען מיר אַרויסגעוויזען אינ׳ם אויספילען פון מיינע פליכטען, צו דר. האַלפערן, אונזער אַריינגעהמונגס דאָקטאָר, פאַר דער גוטער באַציהונג און עכטע מיטווירקונג אין דער ערפאָלגרייכער דורכפיהרונג פון מיינע מעדיצינישע פליכטען; צו אַלע נוירסעס און מעהרסטע אָנגעשטעלטע פונ׳ם סאַניטאַריום, הויפטזעכליך פריינד אַרקאָוויץ, פאַר זיין איבערגעבענקייט צו די פאַציענטען און טרייהייט צום אַנשטאַלט, ווי אויך אַ דאַנק צו אַלע פאַציענטען פאַר זייער מיטווירקונג אין מיין שטרעבונג צו העלפען זיי צוריקקריגען זייער געזונט.

דזש. ב. פיש,
מעדיקאַל דירעקטאָר

... ניין, זיי זיינען נישט קיין קרבנות, אונזערע ברידער אויף יענער זייט. קרבנות האָט מען נאָר געשחט׳ן צו צפון זייט נעבען מזבח, און זיי האָט מען געקוילעט אין צפון און אין דרום, אין מזרח און אין מערב...

* * *

קענסטו דאָס לאַנד, וואו באַנדיטען זיינען אויף דער פריי און וואו כ׳געפינט זיך פעסט, אונטער שלאָס און ריגעל, אַ קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט?...

# באריכט פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע

ב. האפמאן (צביון) טשערמאן
ל. גאלינסקי, וויס־טשערמאן, ה. בורגין, הערשקאוויץ, י. ב. סאלוצקי.

די עדיוקיישאנאל קאמ. האט דאס יאהר בעגעגנט זעהר פיעל שטע־רונגען אין איהר ארבייט און זי האט דעריבער ניט געקענט דורכפיהרען אלע פון איהרע אויפגאבען אין אזא בהייטער און ערפאלגרייכער מאס, ווי זי האט זיך עס פערגענומען ווען זי איז אריין אין אמט.

אויסער דעם וואס די אינפלוענציע עפידעמיע האט פאר א געוויסער צייט פערהאלטען די דורכפיהרען מעהרערע עדיוקיישאנאל אונטערנעהמונגען, וועלכע די עדיוקיישאנאל קאמ. האט געפלאנט, האט נאך מעהר אין דעם גע־שטערט די רעאקציע עפידעמיע, וועלכע האט דאס יאהר געבושעוועט אי־בערן גאנצען לאנד נאך מעהר ווי אין דער צייט פון דער מלחמה, אין פיעלע שטעדט האט מען נים געקענט ארגאניזירען קיין לעקטשורס צוליעב פאליציי־ליכע בעדינגונגען. דער טעראר פון דער רעאקציע איז־אין מאנכע שטעדט אין געגענדען געוועזן אזוי גרויס, דאס די ארבייטער רינג ברענטשעס האבען איינפאך מורא געהאט צו ארגאניזירען לעקטשורס, און ווען מען האט שוין יא ארגאניזירט, פלעגט מען זיי מורא האבען צו אדווערטייזען. דאס איז אייגענטליך געוועזן איינע פון די הויפט־אורזאכען, וואס דער דריי מאנאט־ליכער לעקטשור טור, וואס איז ארגאניזירט געווארען מיט פר. ה. ראגאף, האט געמוזט אונטערבראכען ווערען אין מיטען. פר. ראגאף האט ערקלערט, אז פון די ערפאהרונגען, וואס ער האט געהאט אין די ערשטע וואכען פון זיין טור איז ער געקומען צו דער איבערציינונג, אז אונטער די עקזיסטי־רענדע בעדינגונגען איז אונמעגליך דורכצופיהרען דעם לעקטשור טור מיט וועלכען עס איז ערפאלג און ער האט איהם אויפגעגעבען נאכדעם ווי ער איז געווען א מאנאט אין וועג און איז קראנק געווארען פון ענטוישונגען מיט ווענינער ווי פון אנשטרענגונגען.

די עדיוקיישאנאל קאמ. האט זיך דאך געגעבען אלע מיה צו ארגאניזירען לעקטשורס, וואו עס איז נאר געווען די קלענסטע מעגליכקייט. און אויף אזא אופן איז מיט דער הילף פון דער עדיוקיישאנאל קאמ. דורכגעפיהרט געווארען אין פערשידענע שטעדט 112 לעקטשורס.

דער עדיוקיישאנאל קאמ. האט זיך אויך איינגעגעבען צו ארגאניזירען א קורצען לעקטשור טור מיט פר. דר. ב. האפמאן (צביון), וועלכער האט איינגעווילינגט ארויסצופאהרען פאר א חודש צייט אום צו קענען באזוכען א ביסעל פון די שטעדט, וועלכע האבען דעם יאהר קיין מעגליכקייט ניט געהאט צו ארגאניזירען לעקטשורס.

פיעל שוועריגקייטען האט די עדיוקיישאנאל קאמ. אויך געהאט מיט דעם ארויסגעבען די נייע ביכער, וועלכע זי האט אונטערנומען. די פער־טייערונג פון דרוק־ארבייט, דער אונגאראמאלער צושטאנד, וואס האט די גאנצע צייט עקזיסטירט אין דעם ביך־דרוקער טרייד, דער סטרייק פון די דרוקער, די אונגעהויערע הויכע פרייזען אויף פאפיער — דאס אלעס צוזאמען האט געבראכט דערצו, אז די עדיוקיישאנאל קאמ. האט ניט געקענט ארויס־געבען די בעשטעלטע ביכער אין דער צייט, ווי זי האט עס אנפאנגס גע־רעכענט. מיט אנדערע ביכער, ווי מיט דער אריטמעטיק" און מיט דער „בעמיע" האט די עדיוקיישאנאל קאמ. געהאט א בעזונדערע שוועריגקייט, ווייל די אידישע בוכדרוקערייען אין אמעריקא זיינען ניט צוגענרייט צו אזא ספעציעלער ארבייט. דאך וועלען אלע ביכער מיט דער אויסנאהמע פון איינעם אדער צוויי, ביז דער קאנווענשאן זיין פארטיג פון דרוק.

די ביכער, וועלכע די עדיוקיישאנאל קאמ. גיט דאס יאהר ארויס זיינען ווי פאלגט:

„דאס לעבען פון חיות" (זאאלאגיע) פון דר. ב. האפמאן (צביון), א בוך פון איבער 500 זייטען, זעהר רייך אילוסטרירט; „אריטמעטיק" פון ה. בורגין, א בוך פון איבער 300 זייטען, מיט פיעלע צייכנונגען; „די ער־ציהונג פון קינד" פון האנא קאהוצקי, ארום צוויי הונדערט זייטען, רייך אילוסטרירט; „די געשיכטע פון דער קאאפעראטיווער בעוועגונג" פון סטאבינסקי, איבער צוויי הונדערט זייטען; „פאליטישע עקאנאמיע" פון א. ש. זאקס, איבער צוויי הונדערט פופציג זייטען; „פיזיאלאגיע" פון דר. י. מעריסאן און „בעמיע" פון אינזשיניר פיינסטאן, א בוך פון ארום 300 זייטען מיט פיעלע אילוסטראציעס און צייכנונגען.

נאך מעהר שוועריגקייטען האט די עדיוקיישאנאל קאמ. געהאט מיט דעם ארויסגעבען פון „פריינד" צוליעב דעם מאנגעל אין פאפיער. איינינע נומערן האבען ניט געקענט ארויסגעגעבען ווערען, ווייל מען האט ניט געקענט קריגען קיין פאפיער צו דער צייט, וואס פאר א פרייז מען האט ניט געוואלט צאהלען. דאס ארויסגעבען פון „פריינד" איז איבערהויפט געווארען שווערע אויפגאבע פאר דער עדיוקיישאנאל קאמ. מיט דעם בודזשעט, וואס זי האט אפר דעם צוועק. דער פרייז פון פאפיער איז אזוי הויך געשטיגען, דאס די 8 סענט א קווארטאל פער מעמבער וואס די עדיוקיישאנאל קאמ. קריגט פאר דעם „פריינד" פאנד, איז ווייט ניט גענוג צו דעקען די קאסטען.

די ארבייט פון דער עדיוקיישאנאל קאמ. איז זעהר שטארק פערגרעסערט געווארען דורך די א. ר. שולען. די בעוועגונג צוגרינדען אידישע א. ר. שולען האט זיך אין דעם יאהר זעהר ענטוויקעלט, אויסער די 9 שולען ...

„פריינד" איינגאהמען און אויסגאבען פאר דעם יאהר 1919
אין פארגלייך מיט די יאהרען 1917 און 1918

| 1919 | 1918 | 1917 | |
|---|---|---|---|
| $ 2,794.49 | $ 1,486.54 | | באלאנס פון לעצטען יאהר — — |
| | | | איינגאהמען: |
| 19,542.72 | 17,280.24 | 16,558.16 | דיוס פון מעמבערס — — — — — |
| $22,337.21 | $18,716.78 | $16,558.16 | סך הכל |
| 283.12 | 169.61 | 375.72 | פערלוסט פון געשטראכענע מעמבערס |
| $22,054.09 | $18,547.14 | $16,182.44 | טאטאל |
| —— | —— | 824.16 | דעפיציט — — — — — — — — |
| $22,054.09 | $18,547.14 | $15,357.98 | גרענד טאטאל — — — |
| | | | אויסגאבען: |
| $ 217.39 | $ 376.17 | $ 235.49 | אדרעסען פלייטס — — — — — |
| 125.55 | 37.92 | 106.28 | סטיישאנערי — — — — — — — |
| 5,131.62 | 5,510.11 | 4,499.37 | דריקען דעם „פריינד" — — — — |
| 617.18 | 633.76 | 594.87 | עקספרעסיזש און דעליווערי — — |
| 670.28 | 556.67 | 486.26 | מיילינג אין פארען — — — — — |
| 1,252.63 | 1,329.06 | 1,229.20 | פאסט אפיס מייל — — — — — |
| 197.31 | 155.57 | 118.48 | ראבייטעס — — — — — — — — |
| 2,456.00 | 1,367.00 | 1,344.00 | סאלאריס — — — — — — — |
| 1,475.00 | 1,057.00 | 1,080.00 | רעדאקטארס סאלארי — — — — |
| 33.51 | 57.63 | 47.59 | עקסטרא ארבייט — — — — — |
| 750.00 | 593.25 | 339.00 | שרייבער פאר ארטיקלען — — — |
| 114.54 | 71.89 | 82.46 | פערשיעדענעס — — — — — — |
| 180.00 | 180.00 | 150.00 | אפיס רענט — — — — — — — |
| 50.00 | 50.00 | 50.00 | עלעקטריק — — — — — — — — |
| 5.00 | 17.50 | 150.61 | ראטס — — — — — — — — — |
| 120.00 | 120.00 | 120.00 | מאשינערי — — — — — — — — |
| 10.40 | 8.80 | — | אדווערטייזינג — — — — — — — |
| —— | — | 90.84 | פירסען מאשינערי — — — — — |
| 4,253.76 | 3,618.14 | 3,211.68 | פייפער פאר דעם „פריינד" — — — |
| 47.03 | 12.18 | —— | צייטונגען און זשורנאלען — — — |
| $17,687.20 | $15,752.65 | $13,921.44 | טאטאל אויסגאבען — — |
| 4,366.89 | 2,794.49 | 1,436.54 | באלאנס — — — — — — — — |
| $22,054.09 | $18,547.14 | $15,357.98 | גרענד טאטאל — — — |

## עדיוקיישאנאל פאנד

איינגאהמען און אויסגאבען פאר דעם יאהר 1919 אין
פערגלייך מיט 1917 און 1918

| 1919 | 1918 | 1917 | איינגאהמען |
|---|---|---|---|
| 4,885.68 | $4,320.06 | $4,139.54 | פון דיוס — — — — — — — |
| 4,885.68 | $4,320.06 | $4,139.54 | טאטאל איינגאהמען — — |
| 70.80 | 42.41 | 93.99 | פערלוסט פון געשטראכענע מעמ. |
| 4,814.88 | $4,277.65 | $4,045.55 | טאטאל נעט איינגאהמען |

| 1919 | 1918 | 1917 | אויסגאבען |
|---|---|---|---|
| 306.22 | $ 190.14 | $ 17.00 | קאנצערטען — — — — — — |
| —— | 143.00 | —— | האלס — — — — — — — — |
| 16.76 | 22.34 | 6.66 | רעילראוד פערים — — — — |
| 259.75 | 244.19 | 214.29 | ראבייטעס — — — — — — — |
| 636.67 | 1,036.72 | 1,054.87 | לעקטשורס — — — — — — — |
| 54.00 | 66.30 | 98.97 | פרינטינג און סטיישאנערי — — |
| 16.00 | 35.58 | —— | אדווערטייזמענטס — — — — — |
| 13.69 | 74.01 | 22.68 | פערשיעדענעס — — — — — — |
| 98.82 | 52.04 | 50.19 | פאסטעדזש — — — — — — — |
| 979.50 | 567.50 | 630.00 | סעקרעטערים סאלארי — — — |
| 16.23 | 5.25 | 33.74 | טעלעפאן און טעלעגראמס — — |
| .66 | 3.00 | .28 | עקספרעסעדזש — — — — — — |
| 450.00 | 650.00 | 675.00 | סינגינג אינסטרוקטאר — — — |
| —— | —— | 15.00 | הארלעם קא. עדיוקיישאנאל קאמ. |
| 625.02 | 122.40 | —— | סיטי עדיוקיישאנאל קאמיטע — |
| 15.00 | 31.00 | —— | באלטימאר עדיוקיישאנאל קאמ. — |
| 175.00 | 125.00 | 235.80 | פילאדעלפיא עדיוקיישאנאל קאמ. |
| 25.00 | 15.00 | 5.00 | ראטשעסטער עדיוקיישאנאל קאמ. |
| 150.00 | — — | 75.00 | שיקאגא עדיוקיישאנאל קאמ. — |
| 75.00 | 25.00 | —— | דעטראיט עדיוקיישאנאל קאמ. — |
| 75.00 | —— | —— | נוארק עדיוקיישאנאל קאמיטע — |
| 10.36 | 4.22 | 1.50 | עקסטרא אפיס ארבייט — — — |
| —— | —— | 205.10 | טאנצען קלאס — — — — — — |
| 96.14 | 90.95 | 53.75 | סינגינג כאר — — — — — — |
| —— | 129.10 | —— | לעסאנס אין אידיש — — — — |
| —— | 122.75 | —— | צייט־פערלוסט פון קאמיטעס — |
| —— | 20.00 | 2.50 | סיינס — — — — — — — — |
| —— | —— | 472.14 | פיפעלס יוניווערסיטי — — — |
| —— | —— | 25.00 | לאס ענדזשעלעס עדיוק. קאמ. — |
| 40.00 | —— | 25.00 | פראווידענס עדיוק. קאמ. — — |
| 50.00 | —— | 25.00 | טאראנטא עדיוק. קאמ. — — — |
| —— | —— | 25.00 | הארטפארד עדיוק. קאמ. — — |
| 90.00 | —— | —— | פיטסבורג עדיוק. קאמ. — — |
| 50.00 | —— | —— | קליוולאנד עדיוק. קאמ. — — |
| 25.00 | —— | —— | פעטערסאן עדיוק. קאמ. — — |
| 500.00 | —— | —— | פעראייניגטע ארב. עדיוק. קאמ. — |
| 30.00 | —— | 15.00 | אלבאני עדיוק. קאמיטע — — — |
| —— | —— | 15.00 | באפאלא עדיוק. קאמיטע — — — |
| —— | —— | 100.00 | נאטוראליז. אייד ליגע דאנייש |
| —— | 113.48 | 30.91 | מואווינג פיקטשורס — — — — |
| 545.00 | 520.65 | 30.00 | ארקעסטרא — — — — — — — |
| —— | 25.00 | —— | דעטראיט כאר — — — — — |
| —— | 25.00 | —— | מילוואקי כאר — — — — — |
| 15.00 | 40.00 | —— | מילוואקי עדיוקיישאנאל קאמ. — |
| —— | 51.65 | —— | נאטען — — — — — — — — |
| —— | 51.00 | —— | מוזיקאלישע אינסטרומענטען — |
| —— | 16.00 | —— | אידישע שולען — — — — — |
| 4,509.22 | $4,630.27 | $4,180.38 | טאטאל אויסגאבען — — |
| 694.34 | 352.62 | 134.83 | דעפיציט פארן יאהר — — — |
| 1,264.01 | 911.39 | 776.56 | דעפיציט פון פאריגען יאהר — — |
| 1,958.35 | $1,264.01 | $ 911.39 | טאטאל דעפיציט — — |

וואס זיינען געעפענט געווארען אין פאריגען יאהר, זיינען דעם יאהר ב... אפריל געעפענט געווארען 17 נייע שולען און אין פערלויף פון א פאר וואכ... צייט וועלען געעפענט ווערען נאך דריי שולען. ביז דער קאנווענשאן הע... מיר שוין האבען ארום 30 שולען, ווערענד נייע 30 שולען געפינען זיך א... דעם צושטאנד פון ארגאניזאציע און מעהרערע פון זיי וועלען געעפענ... ווערען אין פערלויף פון די נעקסטע עטליכע חדשים.

די שווערסטע פראגע פאר דער עדיוקיישאנאל קאמיטע אין בעצוג צ... די שולען איז געווען און איז נאך היינט די לעהרער־פראגע. פיעל נייע... שולען וואלטען געקענט געעפענט ווערען, ווען עס וואלט ניט געווען קיי... מאנגעל אין פאסענדע לעהרער. די עדיוקיישאנאל קאמ. האט זיך געזעה... געצוואונגען צו עפענען אין נויארק קורסען אויסצובילדען לעהרער פאר ...

שולען, אין זי האט אויך דעם געביט צו פערצייכענען א גאנץ גיטע ער־פאלג. איינינע פון די גראדואירטע פון די לעהרער־קורסען, ראדיקאלע אי־דעאליסטישע יונגע לייט, האבען שוין פערנומען שטעלען אין די גאנצען לאנד, און די עדיוק. קאם. האט גרייכט, אז דאזיגע קרעפטען וועלען שוין פארגעזעצט ווערען.

די עדיוק. קאם. האט אויך ארויסגעגעבען א פראגראם בוך פאר די א. ר. שולען, כדי די פערוואלטער און די לעהרער זאלען אין די פערשיעדענע א. ר. שולען אנהאלטען אן איינהייטליכע פראגראם. די עדיוק קאם. האט אויך איינגערופען א קאנפערענץ פון די פערוואלטער און פון די לעהרער פון די א. ר. שולען, כדי זיך צו בעראטען וועגען די פערשיעדענע פראגען, וועלכע זיינען ארויסגערופען געווארען דורך דער ענטוויקלונג פון די שולען.

די עדיוק. קאם. האט פארטגעזעצט צו אונטערשטיצען און צו העלפען ארגאניזירען א. ר. שולען, דראמאטישע פעראיינען און ארקעסטרעס. זי האט אויך גענומען אונטער איהר אויפזיכט די מוזיק־שול פון בר. 615 (דער סימפאני ארקעסטער ברענטש).

די עדיוק. קאם. האט זיך אויף דאס יאהר בעטייליגט אין דער פעראייניגטער ארבייטער עדיוקיישאנאל קאמיטע, וועלכע איז צוזאמענגעשטעלט הויפּטזעכליך פון די אידישע ארבייטער יוניאנס אין נויארק. זי האט עס געמאכט דייטליך צו זייגען ארבייטער סאלידאריטעט און צוליעב דעם וואס זי האט געזעהן די עקזיסטענץ פון אזא פעראייניגטער ארבייטער בילדונגס ארגאניזאציע, וועלכע זי האלט פאר זעהר וויכטיג.

מיר האפען אז די דעלעגאטען צו דער קאנווענשאן וועלען נעהמען אין אנבעטראכט די שווערע בעדינגונגען, אונטער וועלכע עס איז דער עדיוק. קאם. אויסגעקומען צו ארבייטען דאס יאהר, די פיעלפאכיגקייט פון דער ארבייט, וואס זי האט דורכצופיהרען אין די בעשרענקטע מיטעל, וואס איהר ווערט געגעבען פאר דער גרויסער וויכטיגער ארבייט און זיי וועלען איהר זיכער ענטשולדיגען פאר מאנכע פערנאכלעסיגונגען. די עדיוק. קאם. קען בלויז פערזיכערען די דעלעגאטען צו דער קאנווענשאן, אז זי האט געשטרעבט צו טאן אלעס וואס אין איהרע קרעפטען און מעגליכקייטען צו ערפילען איהרע אויפגאבען, וואס אויף איהר איז ארויפגעלעגט געווארען.

מיר בעגריסען די דעלעגאטען צו דער קאנווענשאן און ווינשען זיי דעם גרעסטען ערפאלג אין זייער ארבייט און אין זייערע בעמיהונגען פאר דעם וואויל פון אונזער אלעמענס בעליעבטען א. ר.

עדיוקיישאנאל קאמיטע פון ארבייטער רינג.

# א ווענדונג פון די ווילנער ארבייטער צו די ארבייטער אין אמעריקא

צו די פעראייניגטע אידישע געווערקשאפטען, „ארבייטער רינג", אידישע סאציאליסטישע פעדעראציע און צו אלע ארגאניזירטע אידישע ארבייטער אין אמעריקא.

חברים!

אין דער מארטירלאגיע פון פראלעטארישען קאמף וואס די ווילנער אידישע ארבייטערשאפט שוין זייט איין און פערציג יאהר פערשריבען. פאר די עטליכע און צוואנציג יאהר, וואס די ווילנער אידישע ארבייטערשאפט צעהלט האט זי גענוג קרבנות געבראכט. אבער דער ווילנער אידישע ארבייטער האט שטענדיג הויך זיין פאן געהאלטען.

נאר האט איז די וועלט־מלחמה אויסגעבראכען, די גאנצע וועלט איז אין מענשליכע בלוט און טרערען פארטרונקען געווארען. שמערצהאפטער ווי אנדערשוואו האט זיך די מלחמה געלאזט שפירען אין אונזער ווילנע. צוויי און איז נאך פריש אין זכרון די דייטשע אקופאציע מיט איהרע צוואנגס־ארבייט, פון וועלכער הונדערטע ארבייטער זיינען אין די פעלדער און וועלדער פארבליבען און טויזענדער זיינען אין אינוואליד'ן פארוואנדעלט געווארען; עס געדענקט זיך נאך די צייט פון הונגער, טיפוס־עפידעמיע און די טענדליכע קינדער־בעטלעריי אויף די ווילנער טראטוארען...

און אז עס האט מיט א יאהר צוריק די דייטשע רעוואלוציע אויסגע־בראכען — האט זיך געדוכט, אז פאר אונז, ווילנער אידישע ארבייטער, איז א נייע ליכטיגע צייט אנגעקומען, עס האבען אין אונזער וועלטעל ליכטיגע שטראלען א שיין געטאן און די האפנונגען אויף בעסערע צייטען זיינען שטארקער געווארען.

דערפאר איז אבער דערנאך א פינסטערניש, נאך א שווערער, נאך א שרעקליכערע פינסטערניש אנגעקומען. זי האט אלע ארבייטער אנשטאלטען צוברעכען חרוב געמאכט, די באשעפטיגונג ביי דעם גאנצען פראלעטאריאט איז פערניכטעט, איהם באליידיגט, זיין מענשליכע ווערדע באשפיגען. פארפאלגונגען און רעפּרעסיעס שיטען זיך אויף אונז ביז היינטיגען טאג, ס'לאזט אונז נים ארויסגעבען אן איינציגעס געדרוקטען ווארט, ס'פארמאכט אונזערע קולטור־אנשטאלטען.

אבער ניט געריכט אויף די אלע ענוים קשים, וואס אונז איז אויסגע־קומען אויסצושטעהן אין די פערשידענע פעריאדען פון דער מלחמה — זיינען מיר דאך לעבען געבליבען. מיר זיינען לעבען געבליבען ניט ווי א צו־שמיסענע מאסע, נאר ווי א פעסטע ארגאניזירטע קערפערשאפט.

אונזער ווילנער אידישע ארבייטערשאפט פארמאגט ביי היינטיגען טאג 12 פראפעסיאנעלע פעראיינען, 1 ארבייטער קינדער היים (א קינדער גאר־טען און א שול), 1 אווענט שול, 2 קיכען, 3 קובען, 1 קאנסום־קאאפעראטיוו, גוט אנטוויקעלטע פראדוציר־קאאפעראטיווען. דאס איז אבער א פארמע־שמארק. דער איינציגער ארבייטער־קינדער היים, וועלכער באדינט 250 אר־מע ארימער, די ארבייטסלאזיגקייט — איז גרויס, דער יקרות — צו ארבייטער־קינדער, באפרידיגט קוים די מינימאלסטע פאדערונגען, דער חורבן פון דער אינדוסטריע איז אזוי גרויס, אז די ארבייטער זיינען ניט ביכולת מיט די אפצאהלען זייערע אייגענע פראפעסיאנעלע פעראיינען אויסצוהאלטען.

גרויס זיינען די באדערפענישען פון אונזערע ארבייטער אנשטאלטען און ארגאניזאציעס.

עס פאדערט זיך צו אויפבויען ארבייטער קינדער־היימען, שולען, אינ־טערנאטען, אווענט־שולען, טעכנישע קורסען פאר ארבייטער; די קולטור־ארבייט צווישען די פראלעטארישע מאסען מוז פערברייטערט און פערטיפט ווערען, ס'ברויך זיך פערצווייגען און פערפעסטיגען אונזערע קאנסום־קאאפע־ראטיוון, מיר מוזען שאפען אן אייגענע ארבייטער־פרעסע.

די באדערפענישען זיינען גרויס, די פארלאנגען — פיעל, אבער ביי די פארלאנגען מוזען מיר בלייבען, ווייל עס פעהלען אונז מאטעריעלע מיטלען.

פון דער שטיצע, וואס דער אמעריקאנער „דזשוינט דיסטריביושאן קא־מיטעט" שיקט דער ווילנער קהילה, טיילט מען אונז די ברעקלאך, הגם, ווי מיר ווייסען, ליגט אין דער דאזיגער שטיצע זעהר א גרויסער חלק פון אמע־ריקאנער ארבייטער.

וויפיעל ענערגיע ווערט אוועקגעגעבען איידער אונזערע פארשטעהער אין קהילה גיט זיך איין ארויסצורייסען פון איהר אוואסער ניט איז שטיצע פאר די ארבייטסלאזע, וועלכע מיר ווילען א ל י י ן פארטיילען, לויט אונזער איינזעהן.

מיר האפען און גלויבען, אז די איצטיגע פינסטערניש וועט אייביג ניט דויערען, זי וועט פארשווינדען, מיר וועלען אויף פארשרייבען, אבער איצטער, חברים, מוזען מיר זיך ווענדען צו אייער דירעקטער חבר'שער הילף.

מיר קוקען אויף די דאזיגע הילף ניט ווי א נדבה, וועלכע בארוהיגט דעם געוויסען פון דעם געבער, מיר קוקען אויף דעם, ווי אויף אן אויסדרוק פון פראלעטארישען חוב און סאלידאריטעט, וועלכע קען קיינמאל ניט איבערגע־האקט ווערען.

מיר גלויבען אין אייער ארבייטער־סאלידאריטעט. מיר האפען, אז איהר וועט זיך אויף אונזער רוף היים אפרופען און איהר וועט די וויגעלע פון דער אידישער ארבייטער באוועגונג ניט פארלאזען און די גליקליכע צוקונפט אונז העלפען שמידען און בויען.

שאפט ספעציעלע געלט־מיטלען פאר דער ווילנער ארבייטערשאפט!

מיט פראלעטארישען גרוס

די צענטראל ביורא פון די ווילנער אידישע פראפעסיאנעלע פעראיינען.

פארזיצער — יואל נאוויקאוו.

סעקרעטאר — יוסף ציפקין.

מ י ט ג ל י ד ע ר:

חיים וואלט, נחום וואפנער, שואל ידידאוויטש, לעאן ליפשיץ, רבקה עפשטיין, זעליג־ צינמאן, לייזער קולקעס, חיים שיינין, געשעפטס־פיהרער שמה פראגער.

ווילנע, יאנואר 1920.

נ. ב. די מיטלען קענען געשיקט ווערען אויף'ן אדרעס פון איינעם פון די פאלגענדע־חברים: 1) חיים וואלט, קאאפעראטיוו ארבייטער, דייטשע 22
(Kooperatywa "Robotnik" Niemecka 22)

2) יוסף ציפקין, ארבייטער־קינדער־היים
Jozef Cypkin, Ochronka dla dz. robotniczych kolejowa 15)

3) זעליג צינמאן, ווילנער פראדוציר־קאאפעראטיווען, נייע 3
(Selik Cynman Nowa 3.)

מיר בעטען אלע ארבייטער צייטונגען (באזונדערס — די „לעבענס פראגען" און די ניו יארקער „פארווערטס" און „נייע וועלט") די דאזיגע ווענ־דונג איבערצודרוקען:

## א נייע ארבייטער רינג שול אין ניו יארק

דער גרויסער דוחק אין דירות האט א סך געבראכט דערצו, אז אין דער גרויסער ניו יארק, זאלען בלויז זיין דריי ארבייטער רינג שולען. ספעציעל איז געווען גרויס דער פארדרוס, וואס אין דאון טאון טייל פון שטאט איז ניט געווען אזא שול. פונקט דארט וואו ס'האבען געדארפט זיין לכל הפחות א 10—15 ארב. רינג שולען, איז קיין איינע ניט געווען. איצטער אבער וועט זיך די לאגע אביסעל איבערבעסערען דערמיט וואס איין שול ווערט געעפענט אין דאון טאון דעם ערשטען מאי, און דאנק דעם וועט מען קענען עפענען נאך אנדערע שולען, ווייל ס'וועט זיין א צענטער פאר דאון טאון. די שול וועט קענען אריינעמען א דריי הונדערט קינדער, און געפינט זיך אין 6־ר ארטשארד סט. דאס וועט זיין די פערטע ארב. רינג שול אין ניו יארק. דער שטאטישער בילדונגס קאם. פון ארב. רינג וועט זיך באמיהען און זעהן אז סוף יאהר זאל די צאהל זיין א טאפעלטע.

(פארזעצונג פון זייט 84)

ווערטהער פריינד רעדאקטאר:

עס טוט מיר זעהר לייד איך צו שרייבען דאס איך האב רעזיג־נירט פון די ראטשעסטער שולע. מיר האבען געהאט א פינאנס מיטינג איידער איך האב אוועקגעגעבען די ביכער, און פאלגענדע איז די אל־געמיינע איינגאמע און אויסגאבען וואס מיר האבען אין 9 מאנאטען צייט. איינגאמע איז געווען 2042.20 דאל., אויסגאבען 1978.98 דאל., געבליבען קעש 63.22 דאל. איך וויל באמערקען דאס די רעגעלע וועכענטליכע צאלונגען פון די קינדער איז געווען $1150.94 און אויס־גאבען פאר לעהרער איז געווען $1180.00. איך האב רעקאמענדירט דאס מען זאל העכערען די דיוס פון די קינדער. מיר נעמען 50 סענט פאר איין קינד און 25 סענט פאר יעדען עקסטרע קינד פון די זעלבע עלטערן.

מיט גרוס, א. שולמאן, סעקרעטער.

# נאר קאנסטרוקטיווע הילף איז אמת'ע חבר'שע הילף

אפים סמעם



ערשטע רייהע, זיצענדיג, פון רעכטס צו לינקס: ג. רובין, ה. זאק, דזש. עפשטיין, י. באסקין, פ. געליעבטער, ה. גראף, מ. ל. וואלבערג.
צווייטע רייהע: א. עיינס, ראוז קופערמאן, א. העלמאן, ביטרעס האראוויץ, דזשעני סעמואלסאן, מעי ביבער, נ. ראטהמאן, ראוז דזשאעלסאן, ל. גינזבערג, ס. מעק
דריטע רייהע: דזש. קאץ, ס. גאלדמאן, מיני קארפ, י. קושנער, מארטהא אייזען, י. גינזבערג.

# באריכט פון גענעראל סעקרעטער צו דער 20 יעהרליכער קאנווענשאן פון ארבייטער רינג

## אלגעמיינער פינאנציעלער צושטאנד פון דעם יאהר 1919.

דאס גרויס־פארמעגען פון ארבייטער רינג האט דעם 31טען דעצעמבער 1919 באטראפען די סומע פון — $1,271,786.87

דיזעס פארמעגען איז באשטאנען פון:

| | |
|---|---|
| לעדזשער אסעטס | 1,238,262.09 |
| נאן לעדזשער אסעטס*) | 33,524.78 |

די לעדזשער אסעטס באשטעהען פון פאלגענדעס:

| | |
|---|---|
| מיוניסיפאל באנדס (נאמ. ווערט $875,000.00) | 847,510.00 |
| ריעל עסטייט און בילדינגס (סאניטאריום) | 104,194.09 |
| סייווינגס בענקס דעפאזיטס | 12,944.31 |
| קאמערשעל בענקס דעפאזיטס | 118,460.66 |
| שולדען פון מעמבערס עט לארדזש | 593.26 |
| סאניטאריום פוירניטשור און לייף סטאק | 15,450.58 |
| אפיס פוירניטשור און פיקסטשורס | 4,358.34 |
| סאניטאריום אקאונט פאר טעגליכע אויסגאבען | 2,500.00 |
| בראנטש סופלייס | 3,812.24 |
| שטענדיגע אקאונטס | 408.91 |
| ריאימבוירסמענט אקאונט**) | 1,037.03 |
| פלייטס | 1,300.00 |
| „פריינד" מאשינערי | 814.76 |
| גאראנטירטע מארגיידזשעס | 102,500.00 |
| שולדען פון בראנטשעס | 22,377.91 |
| ס"ה לעדזשער אסעטס | $1,238,262.09 |

### נאן לעדזשער אסעטס:

| | |
|---|---|
| אנגעוואקסענע פראצענט אויף באנדס | 9,873.04 |
| אנגעוואקסענע פראצענט אין סייווינגס בענקס | 639.83 |
| אנגעוואקסענע פראצענט אויף מארגיידזשעס | 1,682.33 |
| דעפיציטס:***) | |
| ארגאניזיישאן פאנד | 1,336.05 |
| סאניטאריום אויפהאלטונגס פאנד | 10,118.50 |
| עדיוקיישאנאל פאנד | 1,958.35 |
| ביכער פון עדיוקיישאנאל קאמיטע | 5,498.86 |
| אידישע שולען | 979.98 |
| אדמיניסטריישאן פאנד | 1,437.84 |
| סך הכל | $ 33,524.78 |
| טאטאל גרויס־פארמעגען | $1,271,786.87 |

---

*) צו נאן לעדזשער אסעטס געהערען אזעלכע סומען, וועלכע זיינען נאך נים אריינגעטראגען געווארען אין די ביכער אם ענדע דעם יאהר.

**) דאס איז א טייל פון די געלדער, וואס וויינטרויב האט גענומען.

***) די דעפיציטען אין וועלכען ניט איז פאנד ווערען גערעכענט אלס חוב, וואס דארף באצאהלט ווערען צום ארבייטער רינג, אין וועלכער עס איז קוועלע, צי פון אן אסעסמענט, אדער פון א איבערשוס פון דעם נעקסטען יאהר, און דעריבער ווערט עס פארשריבען אלס אן אסעט.

אין דעם נעט פארמעגען איז אריינגערעכענט די סומע פון $80,352.61 וועלכע די אינשורענס דעפארטמענט פון דער רעגיערונג אנערקענט ניט אלעס אסעטס. דיזע סומע באשטעהט פון די פאלגענדע אייטעמס:

| | |
|---|---|
| שולדען פון מעמבערס עט לארדזש | $593.26 |
| סאניטאריום פוירניטשור און לייף סטאק | 15,450.58 |
| אפיס פוירניטשור און פיקסטשורס | 4,358.34 |
| וויינטרויב ריאימבורסמענט אקאונט | 1,037.03 |
| דעפיציט אין ארגאניזיישאן פאנד | 1,336.05 |
| „פריינד" מאשינערי | 814.76 |
| אונטערשיעד אין פרייז, מארקעט פרייז פון באנדס און זייער נארמאלע ווערט | 8,870.00 |
| דעפיציט אין אדמיניסטריישאן פאנד | 1,437.84 |
| דעפיציט אין סאניטאריום אויפהאלטונגס פאנד | 10,118.50 |
| דעפיציט אין עדיוקיישאנאל פאנד | 1,958.35 |
| בראנטש סופלייעס | 3,812.24 |
| ביכער פון עדיוקיישאנאל קאמיטע | 5,498.86 |
| פלייטס | 1,300.00 |
| שטענדיגע אקאונט | 408.91 |
| אידישע שולען | 979.98 |
| שולדען פון בראנטשעס | 22,377.91 |
| סך הכל | $80,352.61 |

ארונטעררעכענענדיג אונזערע שולדען — 84,793.57

פון גרויס־פארמעגען, בלייבט אונז א נעט פארמעגען פון — $186,993.30

אין פארגלייך מיט ענדע יאהר 1918, ווען מיר האבען געהאט א נעט פארמעגען פון — 951,557.14

האבען מיר דעם 31טען דעצעמבער, 1919, געהאט א נעט צוואוקס פון — $235,436.16

### איינצעלהייטען וועגען די פארשיעדענע פאנדס און אינוועסטמענטס

#### באנדס:

אין פארלויף פון יאהר האבען מיר געקויפט פאר $40,000.00 באנדס, פאר וועלכע מיר האבען באצאהלט, אויסער דעם אנגעוואקסענעם פראצענט, די סומע פון — $ 37,120.00

דעם 1טען יאנואר 1919 האט דער מארק־ווערט פון אונזערע באנדס באטראפען די סומע פון 810,390.00

סך הכל — 847,510.00

מאנכע פון אונזערע באנדס זיינען ענדע יאהר פארקלענערט געווארען אין פרייז אויף דער סומע פון — 8,870.00

נעט ווערטה פון אונזערע באנדס אם ענדע יאהר 1919 — $ 838,640.00

דורכשניטליכע קאסטען פער מעמבער פאר מענעדזשען דעם ארב. רינג

| יאהרען | געלד |
|---|---|
| 1910 | 0.75 |
| 1911 | 1.00 |
| 1912 | 1.22 |
| 1913 | 1.29 |
| 1914 | 1.27 |
| 1915 | 1.38 |
| 1916 | 1.22 |
| 1917 | 1.42 |
| 1918 | 1.39 |
| 1919 | 1.59 |

פון יעדען דאלאר וואס מיר האבען אריינגענומען אין 1919 האבען מיר אויסגעגעבען דורכשניטליך 74½ סענט.

מיר וועלען אפשר בעסער קענען רעדען מינדליך ביי אונזער קאָנוועַנשאָן.

## אונזער געזעלשאַפטליכע טעטיגקייט

דעם רעקאָרד פון אונזער געזעלשאַפטליכער טעטיגקייט אין דעם פאַרגאַנגענעם יאָהר איז געווים אונמעגליך איבערצוגעבען אין די קאָלומס פון אונזער היינטיגען באריכט. דער פאַקט איז, אַז די מערסטע צייט פון אונזערע זיצונגען איז געווען פאַרנומען מיט דיזען טייל פון אונזער אַרבייט. מיר קענען דאָ אַנמערקען איינציגע פונקטען, וועלכע וועלען אפשר געבען אַ מעגליכע פאַרשטעלונג וועגען דער ברייטער אַקטיווער מיט־הילף פון דעם אַרבייטער רינג אין דעם אַלגעמיינעם געזעלשאַפטליכען לעבען. מיר דערמאָנען פריהער פאַר אַלץ —

## אונזער אַרבייט פאַר די מלחמה און פאָגראָם קרבנות

מיר צווייפלען אויב עס וועט ווען עס איז זיין אַ מעגליכקייט אונטערצוציהען אַ סך־הכל אונטער דער סומע וואָס דער אַרבייטער רינג האָט ביגעשטייערט פאַר די מלחמה און פאָגראָם קרבנות. אָנפאַנגענדיג ספּעציעל פון דער צייט ווען דער וואַפען־שטילשטאַנד, נאָך דעם לעצטען קריעג, איז ערקלערט געוואָרען. די גרעסטע צאָהל ברענטשעס פון דעם אַרבייטער רינג זיינען זינט דאַן, ביז אַ גאַנץ גרויסער מאָס, כמעט פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין רעליעף אָרגאַניזאַציעס פאַר די שטעדט און שטעדטלעך פון יענער זייט ים, פון וואַנען די מעהרסטע פון זיי זיינען אהער געקומען. טויזענטער און צעהנדליגע טויזענטער דאָלערס זיינען פון פיעלע באַזונדערע ברענטשעס אָדער שוין איבערגעשיקט געוואָרען צו זייערע לאַנדסלייט, אָדער דאָס ווערט פון זיי געהאַלטען דאָ ביז אַ מעגליכקייט צום איבערשיקען וועט דערגרייכט ווערען. עס איז דאַרום גאָר אונמעגליך אפילו צו שאַצען די גרויס פון דער אַלגעמיינער סומע, וועלכע אונזערע ברענטשעס האָבען געשאַפען און ביגעשטייערט.

אונזער עקזעקוטיוו קאָמיטע האָט זיך פונדעסטוועגען די־זען יאָהר אונטערנומען צו זאַמלען אַ באַזונדער סומע פון 50 טויזענד דאָלאַר פאַר אונזערע אומגליקליכע אויף יענער זייט ים, פונקט צוויי מאָל אַזוי פיעל ווי די סומע וועלכע איז פון דער עקזעקוטיווע פאָריגען יאָהר אונטערנומען און געזאַמעלט גע־וואָרען. מיר האָבען דאָס געטאָן, ווייל מיר האָבען אָפּגעשאַצט די דאָפּעלטע וועהען פון אונזערע שוועסטער און ברידער דאָר־טען און מיר זיינען געווען זיכער אין דער דאָפּעלטער איבער־געבענהייט פון אונזערע מיטגלידער, זייערע שוועסטער און ברידער פון דיזען לאַנד, אַז זיי וועלען אונז העלפען שאַפען די דאָפּעלטע סומע.

און מיט פרייד קענען מיר מעלדען אַז מיר האָבען אין אונ־זער חשבון קיין טעות ניט געהאַט: מיר האָבען אין משך פון יאָהר געמאַכט אַלע מעגליכע אָנשטרענגונגען פאַר דער זאַמלונג פון דער דערמאָנטער סומע. מיר האָבען מעהרערע מאָל אַפּע־לירט און געוועקט דורך בריעף אונזערע סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס און אויך אַלע אונזערע ברענטשעס. מיר האָבען באַ־זוכט פיעלע שטעדט און שטעדטלעך וואו ספּעציעלע אונטער־נעהמונגען זיינען געווען אַראַנזשירט פאַר דעם צוועק. אונזערע ברענטשעס האָבען זיך כמעט אומעטום אויף אַ האַרציגען און וואַרימען אופן אָפּגערופען אויף אונזערע אַפּיעלס, און שוין ביז היינט צו טאָג, ווען דיזער באַריכט ווערט געשריבען, איז אַריינגעקומען אין אונזער אָפיס אונגעפעהר די פולע סומע וועלכע מיר האָבען זיך אונטערגענומען צו זאַמלען. מיר זיינען זיכער אַז ביז דעם טאָג פון אונזער קאָנוועַנשאָן וועלען נאָך היבשע עטליכע טויזענדער איבערשטייגען ווייט ווייט די 50 טויזענד דאָלער וועלכע זיינען שוין געזאַמעלט.

מיר וואָלטען וועלען ביי דיזער געלעגענהייט דערמאָנען די אַלע ברענטשעס וועלכע האָבען זיך אָפּגערופען מיט גאָר היבשע סומען פאַר דיזען צוועק. צו אונזער שטאָלץ, איז אָבער זייער צאָהל אונגעהייער גרויס, אַזוי אַז דיזער פּלאַץ איז צו באַשרענקט דערפאַר. מיר דאַנקען און מיר גראַטולירען אַלע אונזערע ברענטשעס מיט זייער גרויסער אַרבייט, וועלכע זיי האָבען אויפגעטאָן אין פאַרגאַנגענעם יאָהר אויף דיזען געביעט. מיר גלויבען קוים, אויב אין גאַנצען לאַנד געפינט זיך איין ברענטש, וואָס זאָל דיזען טייל אַרבייט לעצטען יאָהר האָבען אינגאַנצען פאַרנאַכלעסיגט. מיר ווייסען אויך, אַז אויסער די לאַנדסלייט פאַראיינען, און אויסער די סומען וואָס זיינען געשיקט צו אונ־זער אָפיס, זיינען באַדייטענדע סומען אין פיעלע שטעדט אי־בערגעגעבען געוואָרען פון אונזערע ברענטשעס צו די אָרטיגע

אָדער צו די אַלגעמיינע רעליעף קאָמיטעס.

אונזער עקזעקוטיווע איז אויך דיזען יאָהר פאַרטראָטע[…] אין דער עקזעקוטיווע און אין דער ענגערער פאַרוואַלטונג פו[…] דער פיפּעלס רעליעף קאָמיטע, און אויסער אונזערע איינגע[…] זאַמלונגען, האָבען מיר בכלל איינטייל גענומען אין דער אַלגע[…] מיינער רעליעף באַוועגונג און געהאָלפען אין אַלע רעליעף אונ[…] טערנעהמונגען.

צוזאַמען מיט אונזער רעליעף אַרבייט איז אויך ווערטה[…] צו דערמאָנען אונזער אַנטייל —

## אין קאַמף געגען פאָגראָמען

ביי אונזער ערשטען מיטינג, ווען מיר זיינען אַריין אי[…] אַמט, האָבען מיר באַשלאָסען און פאַרעפענטליכט קאָפּיעס פ[…] אַ פּעטיציע, וואָס זאָלען אויסגעפילט און איבערגעשיקט ווערע[…] צו די קאָנגרעסלייט פון לאַנד, צו פאָדערען פון זיי אַ שטימ[…] פון פּראָטעסט אין דעם קאָנגרעס געגען די פּוילישע פּאָגראָמע[…] מיר האָבען אויך אַנטייל גענומען אין די גרויסע פּראָטעסט דע[…] מאָנסטראַציעס און מאַסען־מיטינגען, וועלכע זיינען פריהער גע[…] ווען אָרגאַניזירט געגען די פּוילישע און שפּעטער געגען די אוק[…] ראַינער פּאָגראָמען. און אונזערע ברענטשעס אין די מעהרסטע[…] שטעדט פון לאַנד זיינען געווען די איניציאַטאָרס אין דער פּראָ[…] טעסט באַוועגונג אויף די ערטער, געגען די דערמאָנטע פּאָגראָמע[…]

## אונזערע באַציהונגען צו אַלע טיילען פון דער ראַדיקאַלע[…] באַוועגונג

אויף ווי ווייט אונזערע נאָהענטסטע באַציהונגען און אונ[…] זער פריינדליכסטע מיטהילף פאַר פאַרשידענע ראַדיקאַלע קער[…] פּערשאַפטען, איז פאַר דיזען יאָהר אָנגעהאַלטען געוואָרען, קע[…] נען דיענען די פאָלגענדע אינטערעסאַנטע פונקטען:

1) קאָנוועַנשאַנס און קאָנפערע[…] צען צו וועלכע מיר זיינען געווע[…] איינגעלאַדען און פאַרטראַטען:

א. קאָנפערענץ פון פריינדס אָף ראַשיען פרידאָם.
ב. אידישע קאָאָפּעראַטיווע פעדעראַציע.
ג. אַמנעסטיע קאָנוועַנשאָן.
ד. קאָנפערענץ פון אַנטי־ראַשיען בלאָקייד ליעג.
ה. קאָנפערענץ צו זאַמלען שטיצע פאַר די שפּאַר[…] סטרייקערס.
ו. נאַטוראַליזיישאָן אייד ליעג.
ז. קאָנוועַנשאָן געגען דער אויסשליסונג פון די סאָ[…] אַסעמבלי לייט אין אַלבאַני.
ח. פיפּעלס רעליעף קאָנוועַנשאָן.
ט. אונזער לייבאָר ליעג קאָנוועַנשאָן.

אויסער די קאָנוועַנשאָנס און קאָנפערענצען, איז אָפּ[…] ווערטה צו דערמאָנען, אַז מיר זיינען אויך געווען פאַרטראָט[…] ביים באַנקעט פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַצ[…] פאַר די „נייע וועלט", ביי גענ. אַב. קאַהאַנ'ס קבלת פנים אָוונ[…] ווען ער איז צוריקגעקומען פון אייראָפּאַ, און ביים יובילעא[…] אָוועַנד פון גענ. ב. וויינשטיין, וואָס איז אַראַנזשירט געוו[…] פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען.

2) אַפּיעלס פאַר שטיצע וועלכ[…] מיר האָבען אינדאָסירט:

א. פאַר דעם קאַמף פאַר אידען־רעכט אין פּוילען.
ב. אַרבייטער רינג קאָאָפּעראַטיוו בעקערי.
ג. ווינניפעג סטרייק דעפענס פאָנד.
ד. סיגאַר מייקערס סטרייק.
ה. שענדעריער סטרייקערס.
ו. סטרייקענדע דראָג קלוירקס.
ז. „פרייע אַרבייטער שטימע".
ח. בונדיסטישע „לעבענס פראַגען".

מיר האָבען אויך געהאַט אונזערע אַ פאַרטרעטער […] דער קאָמיטע פון אַרבייטער אָרגאַניזאַציאָנען, צו העלפען […] רענד סקול אין איהר געזעצליכען קאַמף פאַר איהר עקזיסטענ[…]

3) רעזאָלוציאָנען וועלכע זיינע[…] פון אונז אָנגענומען און איבער[…] שיקט געוואָרען:

א. געגען פאַרבאָט פון פרעמדע שפּראַכען אויף עפענט[…] כע פאַרזאַמלונגען.

ב. געגען דער אויסשנייונג פון אַ צאָהל הינדוסען ק[…] ענגלאַנד פאַר זייער שטרעבונג צו באַפרייען זייער פאָלק […] ענגלישען יאָך.




מיר, די עקס-פאציענטען פון דעם א. ר. סאניטאריום, ליבערטי, נ. י., באדויערען זעהר שטארק דעם פריהצייטיגען טויט פון דעם פיעל-באליעבטען, הויך-געשעצטען און גוטהערציגען, טיכטיגען גענאסע מאקס פערלאוויץ, עהרע זיין אנדענקען.

אונטערצייכענט, איצטיגע פאציענטען פון דענווער סאניטאריום: ש. שולמאן, מעמבער עט לארדזש, פיטסבורג; גראסבערג, בר. 79, נ. י.; מ. ברענער, בר. 2 נ. י.; ו. פאקס, בר. 343, נ. י.; סעם האפמאן, בר. 45 פיטסבורג; קארעטסקי, מעמבער עט לארדזש.

מיר, די מעמבערס פון בר. 479, דריקען אויס אונזער באדויערען צו פר. אישיע ראזאנסקי און זיין פרוי איבער דעם פארלוסט פון זייערע 2 יונגע קינדער.

בר. 479, סעם ליבערמאן.

מיר באדויערען דעם טויט פון אונזער באליעבטען פר. און מעמבער, העררי בלומין.

בר. 44, מ. מאסס, סעק.

מיר דריקען אויס אונזער צער אויף דעם טויט פון מאלי שוין, די פרוי ... אונזער מעמבער דזשייקאב שוין. אונזער טרייסט צו איהם און צו די ...יבערגעבליבענע יתומים'לאך.

בר. 270, ח. קליגער, סעק.

מיר דריקען אויס טרויער או ןבאדויעהונג אויף דעם פארלוסט דורך ... פריהצייטיגען טויט פון אונזער פריינד דוד בוירד.

בר. 295, סאל. שיפרין, סעק.

מיר באדויערען דעם פארלוסט פון אונזער טרעזשורער'ס פרוי רייזעל ...ראדעלסקי, ווי אויך די פארשטארבענע פרוי ראזא רובינשטיין, וואס זיי... ...ראדעלסקי, ווי אויך פון ראזא רובינשטיין, וואס זיינען אזוי פלוצלונג דורך ... קורצער קראנקהייט פון אונז אוועקגעריסען געווארען. מיר דריקען אויס ...רייסט און סימפאטיע צו זייערע פערבליבענע פאמיליעס.

בר. 549, ס. וויינשטאק, פ. גודמאן, רעז. קאמ.

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען צער און מיטגעפיהל צו אונזער ...ליעבטען פר. אייב לעף אויף דעם פארלוסט פון זיין באליעבטער יונגער ...וי, איבערלאזענדיג 3 קליינע קינדער. מיר האבען ניט קיין טרייסט-ווער... ...ער צו אזא גרויסען אומגליק.

זעמבראוזער בר. 149, נ. הערמאן, סעק.

מיר דריקען אויס אונזער טיעפטען טרויער אויף דעם פריהצייטיגען ...ויט פון אונזער יונגען פר. העררי סוויטהאווער. אויך דריקען מיר אויס ... טיעפסטע סימפאט צו זיין יונגע פרוי.

בר. 343, ה. פ. קאטץ, סעק.

מיר דריקען אויס אונזער באדויערען אויף דעם פריהצייטיגען טויט ...ין אונזער באליעבטען פר. און אונזער עקס פינ. סעק. דזשייקאב ראהש. ...יס טרעהרען אין די אויגען דריקען מיר אויס אונזער סימפאטיע צו זיין ...יבע פרוי און זייגע 3 קליינע קינדער.

בר. 55 ברוקלין, העררי גרינשפאן, סעק.

מיר באדויערען זעהר דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער יונג-פאר... ...שטארבענעם פר. אייב סוסמאן, איבערלאזענדיג א פרוי מיט 2 קינדער. מיר ...ריקען אויס אונזער טיעפסטע סימפאטיע צו דער פאמיליע.

זעמבראווער בר. 149 א. ר.

מיר, די מעמבערס פון בר. 249 א. ר. אויף סויטה סייד מינעאפאליס, ...ריקען אויס אונזער טיעפסטען שמערץ און טרויער אויף דעם פריהצייטיגען ...ויט פון אונזער פר. און טעטיגען מעמבערס ל. קופערשטיין. אויך דריקען ...יר אויס אונזער טיעפסטען הארציגען מיטגעפיהל און טרייסט צו זיין פרוי ...און קינדער.

וו. קיפערסטיין, רעק. סעק.

מיט שמערץ און טיעפען טרויער באדויערען מיר דעם פריהצייטיגען ...ויט פון אונזער רעקארדינג סעק. מיס יעטא זאווידסקא. עהרע איהר ...אנדענקען.

בר. 20 א. ר. (ניו יארק).

מיר, די מעמבערס פון בר. 136 באדויערען דעם פריהצייטיגען טויט פון ...אונזער פר. לאנדאו און דריקען אויס סימפאטיע צו זיין יונגער אלמנה.

מאקס וואלדמאן, האספיטאלער.

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען מיטגעפיהל צו דער פרוי און קינ... ...ער פון אונזער גרינדער פון בר. ה. גאלדסמיטה, אויף דעם פארלוסט פון ...זייער מאן און פאטער.

סימפעראפאלער בר. 185, מאריס לעווין, רעק. סעק.

מיר, די מעמבערס פון טשעדרינער און פאריטשער בר. 412 דריקען אויס ...אונזער טיעפסטען טרויער און וועהטאג אויף דעם פריהצייטיגען טויט פון ...אונזער אלעמענס באליעבטען פריינד'ס פרוי, עני קאפלאן.

בר. 412, א. מייטין, סעק.

מיר, די מעמבערס פון פראג. ליעג בר. 470 א. ר., דריקען אויס אונזער טיעפסטען טרויער און שמערץ איבער דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פריינד, מאקס שווארץ, מעמבער פון בר. 60 און גרינדער פון אונזער בר., ווי אויך אונזער הארציגען טרייסט צו זיין פרוי און קינדער.

אלעקס גראסס, סעק, פ. ל. בר. 470.

מיט געבויגענע קעפ און טיעפען טרויער האבען מיר אויסגעהערט דעם באריכט וועגען דעם טרויעריגען טויט פון אונזער אלעמענס באליעבטען און געאכטעטען פר. סאלאמאן גאלענסאן.

בר. 37, א. בלאק, א. טומאן, רעז. קאמ.

מיר, די מעמבערס פון שלום עליכם בר. 478, דריקען אויס אונזער טיעפסטען באדויערען און שמערץ איבער דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער באליעבטען און געאכטעטען פריינד, איזידאר מערסאן.

קארל טשאוסאוו, סעק.

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען מיטלייד צו אונזער פריינד ס. פינקוס און זיינע קינדערלאך איבער דעם פריהצייטיגען טויט פון זיין פרוי מערי, געשטארבען דעם 10טען פעב 1920.

בר. 240, מ. קויפמאן, סעק.

מיר, די מעמבערס פון בר. 135 א: ר., דריקען אויס אונזער טיעפסטען טרויער אויף דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער באליעבטען פר. מאקס פערלאוויץ און שיקען אונזער ווארימסטען טרייסט צו זיין פאמיליע.

לאדזער בר. 135, ס. ליעבער, סעק.

ביי א גוט באזוכטען מיטינג פון בר. 29 א. ר. ווערט אויסגעדריקט טרויער נאך אונזער פארשטארבענעם פריינד מאקס פערלאוויץ. מיר באדויערען זיין פריהצייטיגען טויט. עס ווערט אויך אויסגעדריקט סימפאטיע צו זיינע נאהענטע פריינד און פאמיליע.

ב. 29 א. ר., ה. צירלין, סעק.

מיר דריקען אויס אונזער טרויער אויפ'ן טויט פון אונזער פריינד מאריס זוויפלער, וועלכער איז דער הרג'עט געווארען פאלענדיג פון א לייטער. אונזער טיעפסטע סימפאטיע צו זיין פאמיליע.

ברענטש 349 א. ר.

ביי א ספעשעל מיטינג פון בר. 62 א. ר. פון פאסייק אפגעהאלטען דעם 14טען דעצעמבער, איז באשלאסען געווארען אויסצודריקען אונזער גרויס טרויער אויף דעם פארלוסט וואס אונזער ראדיקאלע באוועגונג האט געהאט, און ספעציעל בר. 62 א. ר., דורך דעם טויט פון מאקס קאהן.

מיר פיהלען אז פון אונז איז אוועק ניט נור דער גרינדער פון בר. 62 א. ר., בר. 1 ס. פ. און פון דער פיפלס רעליעף, נור איינער פון די בעסטע טוער. מיר דריקען אויך אויס אונזער טרויער-סימפאטיע צו דער גאנצער פאמיליע קאהן, וועלכע האבען פארלארען אזא גוטען מאן, טאטע, ברודער און פריינד.

בר. 62 א. ר., פאול שטיינבערג, סעם בעלינסאן, רעז. קאמ.

פון דעם מינסקער פראג, בר. 99 א. ר.

מיר דריקען אויס אונזער באדויערען און שמערץ אויף דעם פריהצייטיגען טויט פון פר. און גענ. מאקס פערלאוויץ. זיין טויט ווערט באקלאגט ניט נאר פון זיין יונגער אלמנה און זיינע קינדערלאך, נאר פון אלעמען וועמען עס האט איהם נור געקענט. זיין אנדענקען וועט אין אונז וועקען מוטה צו קעמפען פאר א בעסערע מענשהייט, פאר א גערעכטע וועלט און פאר דעם סאציאליזם. זאל די ערד איהם געבען די רוה פון וועלכער ער האט ניט געוואוסט אין פארלויף פון זיין קורצען לעבען. עהרע זיין אנדענקען, אידישער קעמפער און גוטער פריינד.

גייטהען הויעט, רעק. סעק.

# פון דער ארבייטער רינג שול באוועגונג

## הארלעמער אידישער א. ר. שול קאנפערענץ

זונטאג דעם 11טען יאנואר 1920 איז פארגעקומען א קאנפערענץ אין 143 איסט 103טע סט. צו ערוועהלען א נייע פארוואלטונג פאר דער הארלעמער אידישע א. ר. שול. עס זיינען געווען פארטראטען די בר. 324, 272, 352, 399, 185, 501, און בר. 53.

פר. פאמעראנץ עפענט די קאנפ. מיט א קורצער רעדע און נאך די נאמינאציעס ווערט פר. פאמעראנץ ערוועהלט אלס טשערמאן און נ. הייט אלס סעק.

פר. פיינערמאן באריכטעט פאר דער פארוואלטונג פון דער שול וועגען דער ארבייט, וואס די ערשטע פארוואלטונג האט אויפגעטאן פאר דעם יאהר 1919, וועגען דער שווערער אנפאנגס ארבייט, וועגען פארשיידענע אונטערנעמונגען צו שאפען געלד פאר דער שול, וועגען די אונטערנעמונגען פאר די קינדער אלס ערציהונגס מיטעל, צו וועלכע מיר האבען אלע מאל דערלייגט געלד.

די פארוואלטונג האט אויך געזאמעלט א ביבליאטעק אויף א. וויניטער'ס נאמען. זי האט אויך פאראינטערעסירט די הארלעמער ברענטשעס צו שאפען א קולטורעלען צענטער אין הארלעם אין דער פארם פון אן אייגענער הויז פאר די א. ר. ברענטשעס און פאר דער שול. צוליעב דעם צוועק איז אפגעהאלטען געווארען א קאנפערענץ און עס איז באשלאסען געווארען צו זאמלען 10 טויזענד דאלאר דורך $5 שערס. די פארוואלטונג האט אויך ארגאניזירט אן עלטערען פאראיין וועמענס קינדער געהן אין דער שולע. עטליכע מוטערס, וועלכע האבען זיך ארגאניזירט אין א באזונדערען פאראיין האבען געטאן גוטע ארבייט, העלפענדיג דורכצופיהרען די קינדער יום טובים. עס איז געפלאנעוועט געווארען צו עפענען א מיוזיק שול פאר די קינדער אבער צוליעב מאנגעל אין פלאץ איז דאס אפגעלייגט געווארען ביז עס וועט געשאפען ווערען אן אייגענע היים. די פארוואלטונג האט אויך דורכגעפיהרט א באשלוס אז די עלטערען וועלכע וועלען אריינגעבען זייערע קינדער אין שולע, וועלען זיך מוזען אנשליסען אן דעם שול פאראיין און צאהלען 3 דאלאר א יאהר.

פר. י. לעווין גיט אפ א באריכט פאר די לערער פון דער שול. ער ערקלערט, אז פון די 300 קינדער, וועלכע געהן אין דער שולע האבען פריהער בהויז א 50 געקאנט עטוואס לייענען און שרייבען. יעצט נאך א יאהר לערנען קאנען אלע לייענען און שרייבען, מיט דער אויסנאם פון די קינדער וועלכע זיינען אריינגעקומען אין מיטען. די קינדער אין די גרעסערע קלאסען, זיינען ארגאניזירט אין קלובען, וואו זיי פארהאנדלען צווישען זיך טאג פראגען און זיי לערנען פון דעם צו האבען א מיינונג איבער פארשיעדענע געזעלשאפטליכע פראגען און פאסירונגען. עס ווערען מיט די קינדער געלערענט פארשיידענע שפילערייען וועלכע טראגען א באלערענדען כאראקטער.

די קינדער וועלכע האבען גוטע שטימען זיינען ארגאניזירט אין א כאר.

פר. הורוויץ, דער פינאנס סעק. באריכטעט, אז ביז דעם ערשטען נאוועמבער האבען זיך רעגיסטרירט אין דער שול 554 קינדער. 269 קינדער געהן יעצט אין דער שול. פאר מעהר קינדער איז ביי די יעצטיגע אומשטענדען קיין פלאץ ניטא. פאר שכר לימוד איז ביז דעם ערשטען נאוועמבער אריינגעקומען 3.460 דאלאר מיט 25 סענט. אויסגעצאהלט פאר געהאלט אין פארוואלטונג ביז נאוועמבער 5.486 דאלאר מיט 75 סענט. דעלעגאטען שטעלען פראגען וואו האט די פארוואלטונג גענומען 2,000 דאלצו דערלייגען דעם יאהר צו דער שולע.

דער סעק. ענטפערט אז 600 דאלאר האט די פארוואלטונג באקומען פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע פון א. ר. און די איבעריגע געלד האט די פארוואלטונג געשאפען פון פארשיידענע אונטערנעמונגען. דעם סעק רעפארט ווערט גוט געהייסען און עס ווערט באשלאסען א גענויער פינאנציעלען רעפארט זאל צוגעשיקט ווערען צו די הארלעמער ברענטשעס.

די פאלגענדע באשלוסען ווערען אנגענומען: צו באדאנקען די אלטע פארוואלטונג און די לערער פאר דער גוטער ארבייט, וואס איז אויפגעטאן געווארען פאר דעם יאהר 1919. אויפצופאדערען די עדיוקיישאנאל קאמיטע פון א. ר. ארויסצוגעבען א קינדער זשורנאל פאר אלע א. ר. שולען. די עדיוקיישאנאל קאמיטע זאל אויך רופען א קאנפערענץ פון אלע שולען אום אויסצוארבייטען אן אייגהייטליכע פארם פון פארוואלטונג פאר אלע שולען. עס קומען פאר וואהלען פאר א נייער פארוואלטונג. די אלטע רעקאמענדירט אז די נייע פארוואלטונג זאל באשטעהן פון 15 פערזאן: 10 זאל די קאנפ. ערוועהלען, 4 זאלען אריין פון דער אלטער פארוואלטונג און איין פרייז זאל אריין אין דער פארוואלטונג פון דער מיטער פאראיין. די רעקאמענדאציע ווערט אנגענומען. די פריינדע וועינמאן, פעפער, בלינר, קארען, דראגונסקי, פאמעראנץ, גילמאן, ראזענצווייג און ראטקער ווערען ערוועהלט פון קאנפערענץ. די פריינדע מאגידסאן, חייט, סקלאר און פיינערמאן ווערען רעקאמענדירט פון דער אלטער פארוואלטונג.

פר. פיינערמאן ערקלעהרט, אז ער קען יעצט צוליעב פארשיידענע אורזאכען ניט אננעהמען. עס ווערט באשלאסען דאס די נייע פארוואלטונג זאל האבען דאס רעכט צוצוציהען אין דער נאהענטער צוקונפט פר. פיינערמאנען צו דער ארבייט. עס ווערט אויך באשלאסען אויסצודריקען א ספעציעלען דאנק פר. פיינערמאן פאר דער גוטער ארבייט, וואס ער האט געטאן דעם פארגאנגענעם יאהר פאר דער שולע.

פר. י. לעווין שליסט דעם קאנפערענץ, ווינשענדיג אז די נייע פארוואלטונג זאל טאן גוטע ארבייט אויף דעם פעלד פון אידישע ערציהונג.

נייטען חייט, סעק. פון קאנפ.

---

## קאנפערענץ פון די שיקאגא'ער א. ר. שולען ארבייט אויס מיטלען צו פארזיכערען זייער עקזיסטענץ

די קאנפ. וואס די עדיוקיישאנאל קאמ. פון א. ר. האט איינבארופען, האט זיך געעפענט שבת אבענד אין די ארבייטער שולע, לעמאין און טאלמאן עוו. מיט גענאסע סעמ נאלדין אלס פארזיצענדער.

די גענאסען גלאבערמאן און ספיוואק זיינען ערוועהלט געווארען סעקרעטער פון קאנפ.

גענ. קאליש האט געעפענט די קאנווענשאן און גענ. לעווין פון נויארקער א. ר. שולען האט באגריסט די קאנווענשאן און האט ארויס רופען בעגייסטערונג פון די גרויסע צאהל דעלעגאטען וועלכע זיינען גע פערזאמעלט.

דורך דער צייט וואס די קאמיטע האט נאכגעזעהן די קרעדענשאלס ה מען אויסגעהערט באגריסונגען פון גענ. רייגנאלד, העלער, ספיוואק נאמען פון „פארווערטס" און באקאל אין נאמען פון די סענטראל קאמי פון דער ס. פ.

עס איז ערוועהלט געווארען א בודזשעט קאמיטע פון די גענאסע דר. נאלין, דייווידסאן, הירש, קאנעווסקי, אלפערט, עדלין, פייגין, נאלא און שווארץ. און א רעזאלוציאנס-קאמיטע פון די גענאסען: נאלד בלומענטאל, באקאל, קאהן, לאפינסקי, וועלטמאן און דר. דאניק.

גענ. קאבקענץ איז ערוועהלט געווארען פארזיצענדער פאר די צווי זיצונג זונטאג פריה.

זונטאג פריה האבען זיך די דעלעגאטען פארזאמעלט אין די סקאנ נאווישע סאציאליסטישע העדקוואדערס, הוירש בולווארד ביי קאליפארניא ע

גענ. קאליש, דער סעקרעטער פון די עדיוק. קאם. פון א. ר. האט גענע אן איבערבליק איבער די אכט מאנאטען וועלכע די שולען עקזיסטירען די גרויסע שוועריגקייטען וואס די עדיוק. קאם. האט געהאט אויפצוהאלט די שולען צוליעב מאנגעל אין געלד און צוליעב מאנגעל אין פאסענ פלעצער פאר שולען.

בעטראכטענדיג די אונגעהויערע אונערמיעדליכע און שווערע ארבי וואס מען האט געמוזט אוועקגעבען צו שאפען די מיטלען האט די עדי קאמ: געטאן וואונדערבארע ארבייט אין דער קורצער צייט פון אכט מא טען צו עטאבלירען דריי שולען מיט אן אויסגאבע פון אריבער פופצ טויזענד דאלאר און אן איינגאהמע פון ארום 14 טויזענד, לאזענדיג דעפיציט וועלכען מען וועט מוזען שאפען און די עדיוק. קאמ. רעקאמענדיר מען זאל טעקסען יעדען מעמבער מיט 50 סענט א קווארטאל, וואס ווי געבען די עדיוק. קאמ. 10 טויזענד דאלאר א יאהר און פון די איינגאה פון די קינדער וועלכע צאהלען שכר לימוד און פון צוויי גרויסע אונט נעהמונגען דורכ'ן יאהר מיט די לייבאר לייסעאום קאמ. וועט מען קע אנפיהרען די ארבייט ניט צו באלעסטיגען די מעמבערס מיט א סך אויסגא אויסער זייער טעקס פון 50 סענט א קווארטאל.

נאך קאליש'ס באריכט האט רייגנאלד געמאכט עטליכע בעמערקונ אנצואווייזען וועלכע ברענטשעס עס האבען ניט ביישטראגען זייער ו און וועלכע עס האבען געטאן זייער פליכט.

פיעלע דעלעגאטען האבען געשטעלט פראגען ביים סעקרעטערי און האט זיי געענטפערט אויף אלע פראגען.

גנ. לעווין פון די ניארקער א. ר. שולען האט אויסגעדריקט זיין גרו באוואונדערונג וועגען די ארבייט וואס דער שיקאגא'ער א. ר. האט געט צו גרינדען שולען.

גענ. טער פון בר. 127 איז ערוועהלט געווארען טשערמאן.

נאך דעם מיטינג איז געווען די פראגע וועגען בודזשעט און ווי צו שאפען.

דריי דעלעגאטען האבען גערעדט פאר א 50 סענטיגען טעקס און דריי ד געגען און עס איז באשלאסען געווארען מיט א גרויסע מאיאריטעט עס זי ארויסגעשיקט ווערען א רעפערענדום צו אלע ברענטשעס וועגען דעם.

די רעזאלוציאנס קאמיטע האט אריינגעבראכט א רייהע רעזאלוציאנ איבער וועלכע מען האט דיסקוטירט. איין רעזאלוציע האט ארויסגערופ א וואריכע דיסקוסיאן, דאס איז, אויב עס זאל בלייבען דער ווארט סצ ציאליסטישע" אין דעם נאמען פון די שולען.

א מיינונג איז אויסגעדריקט געווארען אז אזוי ווי דער א. ר. איז זאמענגעשטעלט פון פארשיידענע פראקציעס, זאל מען בייטען דעם נאמ און רופען בלויז „א. ר. שולען".

די גרויסע מאיאריטעט האט אבער געשטימט אז עס זאל בלייבען עס איז: „אידישע סאציאליסטישע א. ר. שולען".

די פאלגענדע רעזאלוציאנען זייען אנגענומען געווארען פון די קאנווענשאן:

1) יעדע ארבייטער רינג שולע זאל ווערען דער קולטורעלער צענט אין דער נאכבארשאפט וואו ער געפינט זיך.

2) האלב יעהרליכע קאנווענשאנס פאר די שולען מיט א פערטרעטשאפ פון איין דעלעגאט פאר 50 מעמבערס.

3) א פעדאגאגען ראטה זאל געגרינדעט ווערען וועלכע זאל בעשטעהן פון לעהרער, פערוואלטונגס ראטה מיטגלידער און פעהיגע מענער א פעדאגאגיע.

4) עס זאל געגרינדעט ווערען אבענד שולען פאר די ערוואקסענע מע בערס פון א. ר., אידישע סאציאליסטישע פעדעראציע און טרייד יוניאנ

5) צו רעקאמענדירען צו די דזשענעראל עדיוקיישאנאל קאמיטע פ ניו יארק אז אין דער נאהענטער צוקונפט זאל איינגערופען ווערען א לאנד קאנווענשאן פון אלע ארבייטער רינג שולען, וועלכע זאל זיין פערטראט פון לעהרער און פערוואלטער.

6) צו דעם ערשטען יעהרליכען יובילעאום פון די א. ר. שולען זא ארויסגעגעבען ווערען א זאמעלבוך צוזאמענגעשטעלט פון די שאפונגען פ די קינדער און די חלרען פון די שולען.

7) צו בעדאנקען די טהעטיגע מיטגלידער פון דער עדיוקיישאנאל ק מיטע פאר זייער אונערמידליכע ארבייט. ספעציעל קאליש, אוערבא ריינשטיין און אלפערט, ווי אויך די לעהרער פאר זייער איבערגעבענהיי צו די שולען.

8) א רעקאמענדיישאן צו די נעקסטע דזשענעראל קאנווענשאן פון א. ר אז דער טעקס פאר ערציהונגס ארבייט זאל געהעכערט ווערען אויף אל מעמבערס.

9) דער נאמען זאל בלייבען אידישע סאציאליסטישע א. ר. שולען.

שלום רעדעם זיינען געהאלטען געווארען פון גענאסע מרמר און זאלצמא געוועזענער מעמבער פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע פון א. ר.

# רשטער באריכט פון די אידישע סאציאליסטישע א. ר. שולען, שיקאגא

### פון 27טען אפריל 1919 ביז דעם ערשטען יאנואר 1920

מיט שוואכע פינאנציעלע כוחות, אבער מיט דעם שטארקען באוואוסט־ ...פון דער נויטיגקייט צו האבען אידישע סאציאליסטישע קינדער־שולען, ...מיר צוגעטראטען צו דער ארבייט. אין דעם 4טען מאי 1919 זיינען ...עפענט געווארען דריי אידישע כאצ. א. ר. שולען.

די צאהל קינדער וועלכע האבען זיך פארשריבען אין אלע שולען, ...ם באטראפען ארום אכט הונדערט, אבער שפעטער ווען עלטערן האבען ...געפינען אז מען לערנט ניט אין אונזערע שולען דאווענען, מפטיר ...ענען אדער תפילין לייגען, זיינען די צאהל קינדער געפאלען ביז 500. ...צאהל איז א נארמאלע. קינדער קומען צו, קינדער פאלען אפ. אבער ...ציפער פון 500 בלייבט. ווי עס ווייזען די לעצטע באריכטען פון די ...ען, אין וועסט סייד שולע: 150 קינדער, אין דאגלאס שולע: 145 ...ער, און אין נארט סייד שולע: 200 קינדער. דער פראצענט פון ...רלעך איז גרעסער פון אינגלעך.

### אונזערע שולען

שולע 1 — איז אין וואירקערס אינסטיטוט, 1006 אשלאנד בולעווארד, ...וועלכע מיר צאהלען 55 דאלאר א חודש צום וואירקער אינסטיטוט. ...דער סומע באקומען מיר פיגף צימערען מיט פרייע באהייצונג און ...ייכטונג. מיר קומען ניט אין קאנפליקט מיט דער עדיוקיישאנאל אר־ ...ן און וואירקירס אינסטיטוט און די אפיס קאמיטע באציהט זיך צו ...פריינדליך.

שולע 2 — איז אין 1224 ס. אלבאני עוועניו. קיין גרוים נחת האבען ...פון דער שולע ניט געהאט. גלייך אין אנהויב האבען זיך די צימערען ...ויסגעוויזען צו קליין פאר אונזערע קלאסען, אבער אזוי ווי זומער פלעגען ...לערער נעמען די קינדער אין פארק האט זיך דער חסרון אזוי שטארק ...געזעהן, אבער מיט דעם אנקומען פון ווינטער איז די לאגע געווארען ...ערערגליך. צו דעם אלעם איז נאך צוגעקומען א נייע צרה. פרא־ ...סאר לאהרין, דער הייפט פון לאונדייל סקוהל, אין וועלכע אונזער שולע ...פינט זיך, איז געווארען אונצופרידען, טענה'נדיג, אז מיר שטערען זיינע ...סען פון אבענד און פון זונטאג פארמיטאג. עס פלעגט קומען אזוי ...ס אז לאהרין פלעגט טרייבען די קינדער אין גאס. די עדיוקיישאנאל ...מיטע האט געפונען פאר נויטיג צו זוכען א פאסענדען ארט פאר א ...לע, אבער די סיטי סענטראל קאמיטע האט ניט געוואלט געבען איהר ...מישונג צו קויפען א שול געביידע פדי ניט צושטערען די לייבאר לייר ...אום קאמיטע אין זייער ארבייט פון קויפען דעם דאגלאס פארק אודי־ ...ריום פאר א לייבאר לייסעאום אין וועלכע מיר זאלען אויך קענען ...לטען די דאגלאס שולע.

...פאלגענדיג נאכקומען דעם באשלוס פון דער סיטי סענטראל קאמיטע, ...בען מיר באשלאסען פארלויפיג צו בלייבען אין לאונדייל סקוהל, אבער ...ציט איז געקומען אן אינספעקטאר פון בילדינג דעפארטמענט און האט ...ן פארבאטען צו באנוצען דעם הויפט צימער פאר ערגען אדער זינגען. ...ר איינציגער שטראהל אין אונזער פארצווייפעלטער לאגע איז דאס וואס ...לאהרין האט אויפגעגעבען זיין סקוהל מאכענדיג פאר אונז מעגליך ...בערצונעהמען זיין ליעם ביז דעם ערשטען אפריל. דאס מיינט אז אויב ...ר דאגלאס אודיטאריום וועט ביז יענער צייט ניט זיין אין די הענט

פון לייבאר לייסעאום קאמיטע וועלען מיר מוזען דינגען אדער קויפען א פאסענדע געביידע פאר א שולע.

שולע 3 ... איז אין 2642 לעמאין סטריט. אין אנהויב האבען מיר די שולע געדאט אין מייפעלוואוד עוועניו, מיט א ברענטש אין וואיר־ קערס לייסעאום, אבער שפעטער האבען מיר איבערגענומען דעם בילדינג פון מעטאדיסט ... אין 2642 לעמאין סטריט פאר דער נארט סייד שולע. עס האט אונז ... ציים און מיהע ביז מיר האבען די שולע גע־ בראכט אין א ... ... און אויב די נארט סייד שולע איז איצט די גרעסטע און ... ... דריי, מיט א שטארקען עלטערען פאר־ איין, האבען מיר ... ... פארדאנקען דעם מיטה, ענערגיע און אידעאל פון פריינד מאטארסקי.

### די שול פאראיינען

די עלטערען פון די קינדער וואס באזוכען אונזערע שולען און אויך די פריינד ארום די שולען, שטעלען צוזאמען די שול פאראיינען. זייערע אויפגאבען זיינען: 1) צו העלפען דעם פארוואלטער אין זיינע טעטיגקייט שול פליכטען, 2) צו ארגאנזשירען לעקטשורס און דיסקוסיאנען איבער קינדער ערציהונג, 3) צו העלפען דער עדיוקיישאנאל קאמיטע אין אלע זייערע אונטערנעמונגען פאר די שולען. א גרויסער טייל פון דעם ערפאלג פון די ערשטע דריי קאנצערטען האבען מיר צו פארדאנקען אט די דריי שול פאראיינען.

### פארוואלטונגס ראט

זיבען מיטגלידער פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע שטעלען צוזאמען דעם פארוואלטונג ראט, וועלכע האבען די אויפזיכט איבער אלע שולען פארוואלטער, און וועמעס אויפגאבע איז אויך צו זארגען פאר די פינאנ־ ציעלע זייט פון די שולען.

די פארוואלטונג האט אפ איהרע מיטינגען יעדען שבת נאכמיטאג, הערט אויס באריכטען פון די שולען און אפיס פארוואלטער, און ארגאנזירט און פיהרט דורך אלע אונטערנעמונגען פאר די שולען.

דער פארוואלטונג ראט האט אויך ארויסגעלאזט אן אפיעל צו אלע ברענטשעס און סימפאטיקער פון די שולען פאר יעהרליכע מיטגלידס־ שטייערונגען, מיט דעם רעזולטאט וואס ארום צוויי טויזענד דאלאר זיינען אריין אין אפיס.

דער פארוואלטונג ראט פיהלט אז ער וואלט געקענט מעהר צייט אפ־ געבען פאר די פארוואלטונג פון די שולען ווען מען זאל ביי יעדען מיטינג ניט דארפען טראכטען איבער די פראגען ווי צו באצאהלען שכירות אונזערע לערער און פארוואלטער אדער ווי אזוי דורכצופיהרען דעם בודזשעט פון 20 טויזענד דאלאר א יאהר פאר די שולען.

מיר האבען דורכגעפיהרט איין קאנצערט, איין באנקעט, איין פיקניק, איין טעאטער אונטערנעמונג, דריי לעקטשורס מיט פר. הלל ראגאף און דריי מיט פריינד ש. ניגער.

אונזער הכנסה ביז אהער איז געווען 14,878.22 דאל.; הוצאות 15,119.04 דאל.; צוזאמען מיט אונזערע שולדען, איז געבליבען א דעפיציט פון 2,705.82 דאלאר.

שיקאגאער בילדונגס קאמ. א. ר.
ל. רייזנגאלד, פארוואלטער.

# פינאנס באריכט פון דער הארל. א.ר. שול פאר 14 מאנאטען ביז יאנואר 1טען, 1920

### איננאהמען:

| | |
|---|---|
| שכר למוד | $4287.00 |
| טעקסט ביכער פאר קינדער | 284.38 |
| שרייב ביכער פאר קינדער | 45.85 |
| בייטראגען פון שול פאראיין ווי אויך דאנייששאנס | 178.90 |
| אדווערטייזמענטס (דזשורנאל) | 463.00 |
| טעאטער טיקעטס | 652.60 |
| קאנצערט, באנקעט טיקעטס | 131.50 |
| ראפעל פון ביכער | 288.62 |
| פיקניק און באזאר | 540.58 |
| לאנס, עדיוקיישאנאל קאמיטע | 170.66 |
| עדיוקיישאנאל קאמ. אר. רינג | 100.00 |
| קליינע אונטערנעמונגען | 133.54 |
| א. ווייטער ביבליאטעק | 306.20 |
| פאר דעם קולטור צענטר | 119.25 |
| פארשיידענעס | 92.40 |
| אינטערעסט | 1.10 |
| ס"ה | $8794.58 |
| די חובות פון שול זיינען | 395.09 |
| פארמעגענס | 148.13 |
| חובות איבער פארמעגענס | $ 246.96 |

### אויסגאבען:

| | |
|---|---|
| לערארס | $4902.34 |
| ביכער פאר קינדער | 265.58 |
| רעפען | 44.27 |
| רענט | 780.00 |
| שרייבזאכען | 81.25 |
| פאסט אויסגאבען | 94.26 |
| העיפ | 227.50 |
| קרעפטע פאר קאנצערטען | 75.00 |
| צייטונגס אדווערטייזמענטס | 119.50 |
| מעבעל און איינריכטונגען | 415.38 |
| שיר מבשירים | 27.70 |
| צוריקגעגעבען שכר למוד | [illegible].50 |
| אונטערנעמונג ראאנס | [illegible]1.96 |
| אינטערעסט | 1.08 |
| קליינע אונטערנעמונגען | 110.39 |
| ביבליאטעק ביכער | 4.00 |
| ראפעל ביכער | 104.00 |
| פרינטינג | 154.50 |
| פרינטינג 1טער זשורנאל | 120.00 |
| סיינס | 43.70 |
| באנקעט | 212.50 |
| קולטור צענטר | 54.50 |
| וואסער, טעלעפאן און ד. גל. | 59.85 |
| אלגעמיינע ארבייט | 61.00 |
| פארשיידענעס | 59.76 |
| ס"ה | $8696.35 |
| | 98.23 |
| אלגעמיינער כ"ה | $8794.58 |

די שול האט 9 קלאסען. 1טען יאנואר — 291 קינדער; 183 אינגלאך, 108 מיידלאך. קינדער וועמעס עלטערן בלאנגען צום א. ר. — 190; ניט פון א. ר. מיטגלידער — 101. דער מיטעלער פאזוך פון די קינדער דורך די 14 מאנאטען, פער מאנאט — 206.

| | |
|---|---|
| פארשריבען זינט די סקול עקזיסטירט | 586 קינדער |
| ארויסגעפאלען זינט די שול עקזיסטירט | 295 " |
| געפינען זיך איצטער אין שול | 291 " |

### קינדער־טאבעל, 1טען נאוועמבער, 1919 ווי לאנג זיי געהען אין שול:

| | |
|---|---|
| 12 מאנאט | 100 |
| 11 " | 14 |
| 10 " | 9 |
| 9 " | 21 |
| 8 " | 8 |
| 7 " | 7 |
| 6 " | 21 |
| 5 " | 6 |
| 4 " | 21 |
| 3 " | 19 |
| 2 " | 56 |
| 1 " | 7 |
| צוזאמען | 29[illegible] נאוו. ערשטען |

רור בערקינגאף:

## א. ר. לערער־קורסען

(עטליכע ווערטער פון א סטודענט)

נאך עטליכע וואכען און מיר ענדיגען. די ערשטע פראבע פון די א. ר. לערער קורסען האט זיך איינגעגעבען. א קליינע צאהל גערען מיר ארויס, ווייל שווער איז געווען די ארבייט — אין 5 מאנאטען דורכצוגעהן דעם פארצווייגטען למוד, וואס א אידישער לערער דארף באהערשען. מיר האבען עס דורכגעפירט.

אונז האט גערופען די טיפע ליבע צום קינד, וואס איז א גאנצע וועלט פאר זיך: א טיף קאמפליצירטע באשעפעניש, וואס פאדערט אויפמערקזאמקייט און שטודיום.

דעם קינד ווילען מיר איבערגעבען די אידישע און מענשליכע קולטור, וואס ציהט זיך פון דורות, אויך אונזער גלויבען אין די הויכע אידעאלען פון דער ליידענדיגער מענשהייט.

ניט געווען ביז יעצט ביי דעם אידישען ארבייטער אזא אינסטיטוציע, וואו מיר, וואס ווילען דינען דער אידישער שול, זאלען קריגען די פארבערייטונג.

דער א. ר. איז געקומען און האט געשאפען „די א. ר. לערער קורסען". שווער איז געווען אלעס גוט און גרינדליך דורכצוגעהן אין די דריי מאנאטען. די אידישע שפראך, וואס איז נאך קיינמאל אין קיין אידישער אינסטיטוציע ניט געלערענט געווארען מיט אזא ערנסט און פלייס ווי אין די א. ר. לעהר־קורסען זיינען מיר דורכגעגאנגען אהן ווערכען. ניט אין טעקסט־בוך, אויך האבען מיר געקארפט. דעקען די אידישע געשיכטע פון די סאמע אורשפרינגליכע צייטען. די אלטע און נייע אידישע ליטעראטור. קינדער פסיכאלאגיע און די געשיכטע פון פעדאגאגיק, געשיכטע פון די ארבייטער באוועגונגען און אויך די מעטאדען פון די אלע למודים וואס מיר דארפען לערנען אין אונזערע שולען.

האבען מיר געקראגען די נויטיגע פארבערייטונג? יע, אינזער וויסען איז סיסטעמאטיזירט און מיר האבען די נויטיגע מיטלען ווייטער צו לערנען.

איצט, פארלאזענדיג די קורסען, נעמען מיר זיך צו צוויי ארבייטען: בויען די אידישע ארבייטער שול און לערנען.

מיר פארלאזען די קורסען מיט טיפער דאנקבארקייט צו די לערער, וואס האבען אונז געגעבען זייער מיה, זייער ארבייט און די אויפמונטערונג פאר אונזער צוקינפטיגער ארבייט.

מיר האפען אז דער א. ר. וועט אויסברייטערן די קורסען און ארגאניזירען א גרויסען אידישען לערער־אנשטאלט, וואס וועט דערציהען הונדערטע אידישע לערער פאר די א. ר. שולען איבער'ן לאנד.

לאמיר ארבייטען און שאפען
פון די קליינע קינדערס־וועגן.

---

## א. ר. שול־נייעס

די טעג וועט ערשיינען אין דעם פארלאג פון דער עדיוק. קאמ. פון א. ר. א בוך וועגען דער טעאריע, פראגראם און פראקטיק פון דער אידישער א. ר. שול מיט א זאמלונג פון נויטיגע אינפארמאציעס, ווי אזוי צו עפענען אזא שול. דער פרייז פון בוך איז 20 סענט. דאס בוך איז צוזאמענגעשטעלט פון פר. יעקב לעווין.

* * *

די וויטע אטלאנטא אין דער סאוטה האט שוין אויך אן א. ר. שולע. און טאקע אויך אין אן אייגענעם רוינעם און שעהנעם א. ר. לייסעאום.

* * *

די בראנזוויללער שולע פון א. ר. האט געפייערט דעם טטען מארץ איהר ערשטען יוביליאום מיט א קאנצערט און טאנץ־אווענט. פעסט־רעדעס זיינען געהאלטען געווארען פון שול־לעהרער, פר. ראזענאוער, און י. ב. ביילין, סעק. פון דער נאצ. עדיוק. קאמ.

* * *

די דאוגלאס פארק א. ר. שול אין שיקאגא קלייבט זיך ארויינצוציהען אין דעם פרעכטיגען דאוגלאס פארק אודיטאריום, וואס די שיקאגא'ער א. ר. ברענטשעס האבען ניט לאנג אפגעקויפט. נאך אזא „לענדלאדר" ווי פראפעסאר דארקין וועט עס זיין א שטיקעל נחמה. ענדליך דערלעבט!

* * *

די עדיוק. קאמ. גרייט צו צום דרוק א בוך פון פארשידענע אינטערעסאנטע און באזונדערע קינדער־שפיעלען. דאס בוך איז צוזאמענגעשטעלט פון פר. י. שטיינבוים, לעהרער אין דער הארלעמער א. ר. שול.

* * *

די קינדער פון רער ראק איילענדער א. ר. שול האבען שוין אריינגעשיקט אין גענ. אפיס פון א. ר. נאך א טשעק פון פופציג דאלאר פאר זייערע ברידערלאך און שוועסטערלאך אין ווארשא. מיר זיינען צו ווייט אז מיר זאלען אייך קענען אויסקושען, קינדערלאך, אבער מיר טוען עס אין אונזער געדאנק.

* * *

פילאדעלפיא האט זיך אויפגעכאפט פון שלאף, אויסגעריבען די אויגען און — דערזעהן מיט איין מאל דריי א. ר. שולען. לויט די ערשטע איינדריקע זיינען זיי אן ערפאלג. נישקשה, פילאדעלפיא וועט באלד האבען מעהר ווי צוויי שולען. פר. יעקב לעווין איז ספעציעל געפאהרען ארגאנאזירען די עפענונג, צוזאמען מיט פר. חאניז, דער לעהרער פון די שולען.

* * *

אונזער שולע אין ניו הייווען ענטוויקעלט זיך לאנגזאם, אבער זיכער און בסדר. שוין פאראן נאהענט צו 60 קינדער און ביז די זון וועט זיך גוט פאנאנדערווארעמען קען די צאהל דערגרייכען א מאה.

* * *

די שולען אין יוניאן־היל און וועסט ניו־יארק, ניו דזשוירזי, זיינען שוין אויף אזוי פיעל אויף א פעסטען מצב, אז עס ליגט זיי שוין אין זינען צו מאכען א גרויסע טעאטער אונטערנעמונג. א גוטער סימן פון אינטערעסירונגס־גייסט.

* * *

דער טשעק פון 500 דאלאר, וואס מיר האבען ערהאלטען פון די קינדער פון די שיקאגא'ער א. ר. שולען פאר דעם שול־פארלאג פון די אידישע שולען אין פוילען, איז געווען א מזל'דיגער. די קינדער פון די ניו יארקער שולען זיינען שוין מקנא די גרויסע השגות פון אונזער שיקאגא'ער קליינוואַרג און געהען זיך פרובען איבערשטייגען. מיר ווילען זעהן ווי אזוי.

* * *

אין די לעהרער־קורסען פון א. ר. האבען זיך פארענדיגט די לעצטע עקזאמענס. די גראדואירטע לעהרער און די טוער פון די א. ר. שולען אין ניו יארק קלייבען זיך צו מאכען א הוליאנקע לכבוד די גראדואירטע. אבער א הוליאנקע אז רער הערסאן וועט זיך פארשעהמען.

אונזערע טאראנטא'ער שולען, שווינגען דערוויול אין דעם קאמפיין פ[...] די קינדער־היימען און שול־פארלאג אין ווארשא, אבער מיר זיינען זיכ[...] [...]ן דאס איז א שטילקייט פאר א שטורעם.

* * *

מזל־טוב. ס'איז שוין אזוי גוט ווי עס איז דא א פאסענדער פלאץ פ[...] א שול אין דאון־טאון ניו יארק. ווי מ'שמועסט וועלען זיין גענוג קינד[...] פאר אזא שול...

* * *

... נאך א פראסט, נאך א שניי, נאך א ווינט, אבער סוף־כל־סוף ווי[...] דארף דער ליעבער זומער קומען און דערפרעהען הערצער.

* * *

די וויליאמסבורגער שול האט יעצט א וואוינונגס־קריזיס. מ'מאכט אי[...] מופען, אבער וואס, וואס קיין קריזיס קען שוין אונזער וויליאמסבורגע[...] שול ניט שעדיגען. זי האט שוין יעצט 160 קינדער. עס פארשטעהט זי[...] אז די שול קאמיטע זוכט ענערגיש א פאסענדען פלאץ.

* * *

פון ווילמינגטאן און ראטשעסטער האבען מיר לעצטענס ניט פיעל געהער[...] א סימן, אז אלץ איז אין בעסטער ארדנונג. די נייעס וואס מיר האב[...] געהאט פאר דעם 1טען מארטש זיינען געווען גאנץ גוטע. די שולען ענ[...] וויקלען זיך נארמאל.

* * *

די א. ר. שול אין באלטימאר איז אינגאנצען צוויי מאנאטען אלט, אב[...] זי האט שוין צו פערצייכענען א גאנץ היבשען פראגרעס. א דאנק ד[...] אנגעשטרענגטער ארבייט פון דעם ספעציעל געשיקטען לעהרער י. ש[...] בוים, וואס האט אין די פיער וואכען ארגאניזאציאנס־טעטיגקייט א[...] שטעלט די שול אויף אן אייזערנעם פונדאמענט — איז עס יעצט איינע פ[...] אונזערע ערפאלגרייכסטע שולען. איהר יעצטיגער לעהרער איז דער בעקא[...] טער יונגער בעלעטריסט ברוך גלאזמאן.

* * *

די טעג עפענען זיך נייע שולען אין מינעאפאליס, סט. פאול און ס[...] [...]אוין.

אין ניו יארק וועט זיך עפענען דעם 29טען דער צוזאמענפאהר פון [...] א. ר. שולען און וועט אנהאלטען דריי טעג. יעדע א. ר. שולע איז ב[...] רעכטיגט צו צוויי דעלעגאטען. איינער פון די לעהרער און איינער פון ד[...] פערוואלטונג. דער טאג־ארדנונג וועט בעשטעהן פון פאלגענדע פראגע[...] 1) גענויע פראגראם פון יעדען יאהר בעזונדער. 2) פראגראם פון זונ[...] לעגענדעם אין דער א. ר. שול. 4) ימים טובים אין דער א. ר. ש[...] 5) העברעאיש אין דער א. ר. שול. 6) ארטאגראפיע. 7) לעהר־ביכ[...] 8) זשורנאלען און זייער פיהרונג. 9) קינדער־קלובען. 10. פארם פון פע[...] וואלטונג; פון וועמען ערוועהלט, באציהונג צו די ברענטשעס; פארא[...] ווארטליכקייט. 11) שול־פאראיינען און עלטערן־פאראיינען. 12) דורכפי[...] רונג און קאנטראל. 13) פארשידענע קארטלאך און פארמען. 14) באצ[...] הונג פון די שולען צום צענטער, און פון צענטער צו די שולען. 15) לע[...] רער, לעהרער־ביורא און לעהרער־קורסען. 16) קינדער־זשורנאל. 17) לע[...] רער־זשורנאל. 18) ספעציעל קינדער־ליטעראטור און לעהרער־ליטעראט[...] 19) באציהונג צו אנדערע שולען. דער צוזאמענפאר וועט געוויס ארויסרופ[...] דעם טיעפסטען אינטערעס אין די קרייזען פון די א. ר. שולען איבער ד[...] גאנצען לאנד.

* * *

אונזער הארלעמער שולע וועט זיך באלד באפרייען פון „רענדלאריום[...] אונזערע האַרטיגע ברענטשעס האבען אפגעקויפט די 4 שטאקיגע הויז, וו[...] די שולע האט זיך ביז יעצט געפונען פאר 18,500 דאל. (אכטצעהן טויזע[...] און פינף הונדערט דאלאר) און געמאכט עס פאר אן א. ר. קולטור־צענטע[...] די הויז געפינט זיך אויף 143 איסט 103טע סטריט.

---

## פינאנץ באריכט פון דער איד. סאצ. א. ר. קינדער שול[...] אין פעטערסאן

| | |
|---|---|
| טאטאל איינגאהמע | $1075.43 |
| טאטאל אויסגאבע | 985.24 |
| געבליבען אין טרעזשורי | $ 58.19 |
| עס קומען איינו הובות | 180.00 |

מ. לעווין, פין. סעק.
סעריע טערנער, טרעזשורער.
מאריס בערגער
מאריס קאלינסקי,
[...] פינאנץ קאמיטע.

---

ווערטע פריינד!

בייליגענד געפינט איהר א טשעק אויף (50.36 דאל.) פופציג דאל. א[...] זעקס און דרייסיג סענט, וועלכע מיר האבען צוזאמענגעקליבען פאר ד[...] אידישע קינדער אין יוראפ. זאל דאס צוגערעכענט ווערען צו דעם פיפצ[...] טויזענד דאלאר פאנד וואס דער א. ר. האט זיך פארפליכטעט צו שאפ[...] דיזען זאקה.

די קינדער פון דער א. ר. שולע אין ראק אייל[...]
עלקע מייער, סעקרעטערין,
רבקה פעלדביין, טרעזשורין.

---

## דער פרייז פון א בייבי־באטעל איז אפט די ערשט[...] איינצאהלונג אויף א קינדער־קבר.

* * *

גוט קיין איז גוט אײַפאר די שפייז און אי פאו[...] די צייהנער.

* * *

ציפערען באווייזען, אז די וועלכע באזיצען ניט קיי[...] לאנד ווערען גיכער „אייביגע באזיצער" דערפון.

* * *

א לאך אין א צאהן איז א נארע פאר באצילען.

— דר. הייאן קאהען.

# אויפרופען צו די דעלעגאטען פון דער 20טער קאנווענשאן

## צו די דעלעגאטען און מיטגלידער פון ארבייטער רינג.

פריינדע! אין נאמען פון די אונגליקליכע פרויען און קינדער פון אמעריקאנער אידען; אין נאמען פון אונזערע און אייערע שוועס־טער און ברידער וועלכע וואלגערען זיך אין אייראפעאישען גיהנום אין הונגער און נויטה, אהן א דאך אויפ'ן קאפ און אהן א בגד אויפ'ן לייב; אין נאמען פון די אידישע פאמיליען וועלכע די מלחמה האט צוריסען, ווענדען מיר זיך צו אייך מיט אן אפּיל איהר זאלט אונז העלפען שאפען דעם 400,000 דאלער פאנד פאר דער נייער נא־ציאנאלער היים פאר אידישע אימיגראנטען, די היסטארישע אסטאר ביבריי, אויף לאפאיעט און אכטע סטריטס, אין הארץ פון ניו יארק.

יעדער פון אייך איז בעקאנט מיט די רעטונגס ארבייט פון הכנסת אורחים און אימיגראנט אייד סאסייעטי אין די פיעלע יאהרען פון איהר עקזיסטענץ. איהר ווייסט אז אונזער סאסייעטי שטעהט שטענדיג אויף דער וואך און שיצט די אינטערעסען פון אידישען אימיגראנטער אין אלע האפענס פון אמעריקא אין ווייטען יאפאן און אין די לטעפּעס פון סיביר. איצט איז אונזערע א קאמיסיע אנגע־קומען אין ווארשא און ארבייט ענערגיש פאר דער פעראייניגונג פון אידישע פאמיליען.

די נייע היים איז אבסאלוט נויטיג צו קענען אויפנעהמען די פארוואָרעמטע אידישע פרויען און קינדער — אייער פלייש און בלוט אזוי גוט ווי אונזערע. מיר ווייסען אז דער ארבייטער רינג איז שטענדיג גערן צו העלפען אין טהעטיגקייטען וואס זיינען נוגע דעם כלל און בעסטען פון אידען, און מיר צווייפלען ניט אז די מיט־גלידער פון דיזען גרויסען אידישען ארבייטער ארדען וועלען בע־ווייזען זייער הייליגע פליכט און נאבעלע אויפגאבע אין דיזען מא־מענט.

פריינדע דעלעגאטען! העלפט דורכפיהרען די רעקאמענדיישאן פון דער עקזעקוטיוו קאמיטע פאר א ביישטייערונג פון צעהן טויזענד אלער צו אונזער נייע היים. זאל דער נאמען פון ארבייטער רינג גראייביגט ווערען צווישען די בויער פון דיזען היסטארישען בנין!

מיט אכטונג,

הכנסת אורחים און אימיגראנט אייד סאסייעטי אוו אמעריקא

זשאהן ל. בערנשטיין, פרעזידענט;

אלבערט ראזענבלאט, משערמאן בילדינג פאנד קאם.

---

## צו אלע דעלעגאטען פון ארבייטער רינג קאנווענשאן.

עס איז געוועזען א צייט, ווען די אידישע טרייד־יוניאן באַ־וועגונג איז געוועזען געצוואונגען, ביי פארשידענע געלעגענהיי־טען, צו ווענדען זיך צום ארבייטער רינג פאר פינאנציעלע און מאראלישע שטיצע. א דאנק די פריינדליכע און ברידערליכע שטיצונג פון א. ר. איז די אידישע טרייד־יוניאן באוועגונג אויס־געוואקסען גרויס און מעכטיג, זיי זיינען געוואקסען אזוי, אז זיי קענען שוין אליין פארענטפערען זייערע פינאנציעלע פּראָ־בלעמען. בלויז קלענערע, אדער נייע יוניאנס ווענדען זיך נאך אמאל צום א. ר. נאך שטיצע. די גרויסע אידישע יוניאנס זיינען פינאנציעל געווארען זעלבסטשטענדיג, עס איז אבער געבליבען א שעהנער קאפּיטעל אין דער געשיכטע פון דער א. ר. באוועגונג וועגען דער גרויסער הילף וואס דער א. ר. האט געלייסטעט ביי דער אויפבויאונג פון דער טריד יוניאן באווע־גונג און זיי געהאלפען ברענגען צו זייער יעצטיגער שטופע.

די אידישע קאאפּעראטיווע באוועגונג האט פאר די לעצטע יאהרען געליבע יאהר אריינגעטראטען אין איהר פּראקטישער פעריאָדע. פיעלע שטעדט זיינען געגרינדעט געווארען, און עס האלטען אין גרינדען פארשידענע קאאפּעראטיווע־אונטערנעמונגען. עס איז געגרינדעט געווארען די „פעדעראציע פון אידישע קאא־פּעראטיווען אין אמעריקא", וועלכע טרייט מיט אלע מעג־ליכקייטען, אז יעדע קאאפּעראטיווע זאל טראגען דעם סאציא־ליסטישען גייסט, און זאל זיין אייננ צוזאמענגעבונדען מיט דער ארבייטער באוועגונג. פאר דיזען צוועק ווערט ארויסגעגעבען דער זשורנאל „קאאפּעראטיווע וועלט", פארשידענע ליפ־לעטס און בראשורען, און עס ווערען אויך אנגעווענדעט אלע מיטלען פון פּראפּאגאנדא און אגיטאציע.

די אידישע קאאפּעראטיווע באוועגונג איז נאך אבער ווי א יונגע ביימעלע אוויף וועלכע, מען דארף אויפפּאסען און וועלכע מען דארף העלפען וואקסען אזוי, ווי מיר סאציאליסטען ווילען די אידישע קאאפּ. באוועגונג איז נאך אין יענער פעריאָ־דע, ווען זי איז געצוואונגען זיך צו ווענדען צום א. ר. קאנווענ־שאן נאך פינאנציעלע שטיצע.

די פעדעראציע פון אידישע קאאפּעראטיווען וועט שיקען איהר פארטרעטער, אין דער פערזאן פון גענ. א. שיפּלאקאף, צו פארלאנגען פינאנציעלע הילף פאר דער איד. קאאפּ. באווע־גונג און פאר דעם קאאפּ. זשורנאל „קאאפּעראטיווע וועלט", וואס דארף אין גיכען ערשיינען מאנאטליך.

פריינדע דעלעגאטען: באטראכט, אז דא האנדעלט זיך ווע־גען א באוועגונג וואס טויזענדער א. ר. מעמבערס אין פאר־שידענע שטעדט נעמען שוין אין איהר אן אנטייל. דיזע באַ־וועגונג מוז שוין צוליעב דעם אליין ווערען אן ערפאלג. מיר נויטיגען זיך אבער אין שטיצע, און מיר בעטען אז איהר זאלט עס באוויליגען מיט אגאנץ ברייטע האנד. מיר האפען אז די צייט איז ניט ווייט, ווען מיר וועלען מעהר קיין פינאנציעלע שטיצע ניט דארפען בעטען, אבער דערווייל מוזען מיר עס פארלאנגען. מיר ערווארטען, אז אייער שטיצע וועט זיין באַ־דייטענד, אום די קאאפּ. פּראפּאגאנדא זאל אויך ווערען באדייַ־טענד, און זאל ווערען א שטארקער צווייג פון דער ארבייטער באוועגונג.

מיט פריינדליכען גרוס,

פעדעראציע פון איד. קאאפּ. פון אמעריקא.

---

## צו דער נאציאנאלע עקזעקוטיווע פון א. ר.

ווערטהע פריינד:

ביי א גוט בעזוכטען מיטינג דאנערשטאג אבענד דעם 25טען מארטש 1920, איז געפאסט געווארען פאלגענדע רעזאלוציע:

אזוי ווי די רעאקציאנערע עלעמענטען האבען זייט דער לעצטער צייט גענומען אונטערדריקען יעדען פרייען געדאנק, און אזוי ווי אין דער שטאדט ניו יארק איז יעצט כמעט אונמעגליך צו קריגען א מיטינג לאקאל וואו עס זאל ערלויבט ווערען דיסקוסיאנען איבער פּרינציפּיעלע אנגעלעגענהייטען,

און אזוי ווי אונזערע מעמבערס זיינען ראדיקאל געזאנען און מוזען האבען א היים וואו פארשידענע מיינונגען זאלען מעגען פריי און אפען אויסגעשפּראכען ווערען.

דארום זיי עס באשלאסען צו פארלאנגען אז אונזער ארבייטער רינג זאל אויפבויען א אייגענע היים, א היים מיט וועלכע די ארבייטער רינג מעמבערס זאלען מיט רעכט מעגען שטאלצירען.

האפענדיג אז אונזער פערלאנג וועט באוויליגט ווערען, פערבלייבען מיר מיט פריינדליכען גרוס,

בר. 86, א. ר.

ר. בערנשטיין און ב. פינסטער, רעזאלוציאנס קאמיטע.

---

## בריף־קאסטען.

נ. ראזענבערג, ברוקלין: מיר האבען אייך געענטפערט שריפטליך, אבער די בריעף זיינען אנגעקומען צוריק, קענטיג דער אדרעס איז ניט גענוי. שיקט אונז נאך אמאל צו די פּראטעסט־רעז. וועלען מיר עס דרוקען.

מיכל קעלמער, בראנקס: איהר זייט גערעכט, אבער כל־זמן דער בודזשעט און דער טעקס פאר'ן פריינד וועלען בלייבען די זעלבע, קענען מיר יעצט גארניט טאן. די פּאפּיער סיטואציע ווערט ערגער, פון טאג צו טאג.

א. מיראנסקי, ליידער אונדרוקבאר.

א. ס. פאגעל, דאס זעלבע.

סעם סאלאט, דעטראיט (בר. 599) שיקט אייער אדרעס וועלען מיר אייך שיקען.

מארים גאלינסקי, בר. 283: אייער בר. האט א רעכט אנצונעמען באשטימונגען וועגען שטיצע און מיר האבען קיין רעכט אייך ניט קיין דעה צו זאגען. דאס איז א פרייוויליגע זאך. אונז דוכט אבער, אז איהר זייט שוין אביסעל צו שטרענג. אויב אימיצע רזינדיגט, דארפען ליידען דער־פאר אלע?

פיליפּ קאהען, ניו יארק: מיר דאנקען אייך זעהר. פונדעסט־וועגען זיינען פאראן אידען, און דווקא ט ו ע ר אין א. ר. וואס דענקען, אז מיר דארפען נאר האבען א בולעטין פאר רעפּארטס, אדער גאר אינ־גאנצען ניט קיין „פריינד". אייערע פערזיכערונגען אז אייער גאנצער בר. איז מיט דער זעלבער מיינונג מאכט אונז נאך זיכערער אין אונזערע אפ־שאצונגען וועגען די גרויסע מעגליכקייטען פון אונזער זשורנאל. איהר פארשטעהט דאך אבער, אז דער רעדאקטאר אליין קען ניט מאכען קיינע פארשלעגע בנוגע צו אסעסמענטס.

שרה ק.: דערווייל איז עס נאך א שוואכער פארזוך. מיר קענען אייך ניט גאראנטירען, אהן וויכטיגע סמנים, אז עס זאל אייך ווען געלונגען.

פּאציענטען א. ר. סאניטאריום: „ווייט פון שטאדט'ס טומעל" — נישט צייטיג, כאטש דער געדאנק איז ריכטיג און סימפּאטיש. די פארב אבער איז ניט געלונגען און דערפאר, ליידער אינגאנצען אונדרוקבאר. ווען דאס גאנצע ליעד וואלט געווען אמוועניגסטענס ווי די ערשטע זעקס שורות אלט עס געווען נישקשה.

דוד בראנד, שיקאגא: ווען איהר וואלט וויסען אונזערע צרות יעצט מיט די פּאפּיער־מאנגאטען וואלט איהר זיך אזוי שטעכעדיג נישט געוויי־צעלט איבער אונז. דער „פריינד" וועט ערשיינען אלע מאנאט רעגעל־מעסיג אויב נאר די מיטגלידער וועלען עס וועלען.

# מ'שרייבט אונז:

## וועגען סעם ספּרינג'ס פאָרשלאָג

געהערטע רעדאַקציאָן „פריינד"

איך בין הערצליך איינשטימיג מיט דעם פאָרשלאָג פון פר. סעם ספּרינג וועגען פאַראייניגען די סעקרעטערע פון אַ. ר. בראַנטשעס.

כ'איז שוין צייט אַז מיר זאָלען קריגען אַנערקענונג פאַר אונזער שווערער מיה מיטענדיג אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט פאַר דעם אַ. ר.

מיט פריינדליכען גרוס, סעם ליוויי, בר. 3.

---

ווערטהער פר. רעדאַקטאָר פון פריינד;

ערלויבט מיר דורכ'ן פריינד צו ווענדען זיך צו פר. ס. ספּרינג:

אייער פאָרשלאַג פאַר אַן אָרגאַניזאַציאָן פון סעקרעטערע, אין פעברואַר „פריינד", איז מיר זעהר געפעהלען געוואָרען, שוין פיעל מאָל אַז איך האָב אויסגעדריקט אַ מיינונג אַז עטוואָס דאַרף געטאָן ווערען אום צו בעקענען די סעקרעטערע מיט זייערע אויפגאַבען. איך האָב געהאַט אַ ביסעל ערפאַהרונג אַלס אַ סעקרעטער און איך וויים אַז איך קען נאָך פיעל לערנען. איך וויים אָבער צו דער זעלבער צייט אַז איך בין קאָמפּעטענט, ווען איך זאָל האָבען די געלעגענהייט צו קומען אין בעריהרונג מיט די איבריגע סעקרעטערע, צו געבען געוויסע אינסטרוקציאָנען וועלכע וואָלטען געווען גאַנץ וויכטיג פאַר פיעל סעקרעטערע און פאָלגליך אויך פאַר די בראַנטשעס.

און אַזוי ווי איך וואָלט געקענט עטוואָס בייטראָגען, וואָלטען אַנדערע סעקרעטערע אויך בייגעטראָגען, און פון אַזאַ טאָרט עקספּעריענדזש וואָלט מען פיעל געלערנט און די בראַנטשעס וואָלטען פון דעם פיעל פּראָפיטירט.

דער פּראַן פון אַ סעקרעטער אָרגאַניזאַציאָן איז מיר גראָדע קיין מאָל ניט איינגעפאַלען, אָבער איך בין זיכער אַז אויב אַזאַ אָרגאַניזאַציאָן וואָלט געשאַפען געוואָרען און ווען אַזאַ אָרגאַניזאַציאָן וואָלט זיך אָפּגעגעבען אויסשליסליך מיט אַנגעלעגענהייטען וואָס באַלאַנגען צום פינאַנס סעקרעטער, און נישט פאַרמישען אַ קאַשע מיט עטוואָס אַנדערש, וואָלטען דערפון אַרויסגעקומען זעהר ווינשענסווערטע רעזולטאַטען.

אויב איך פאַלשטעה אויך ריכטיג, בין איך מיט אייך פאַר אַן אָרגאַניזאַציאָן פון אַלע סעקרעטערע פון אַ. ר.

ס. פישער, סעק. בר. 443.

---

## אַ יום־טוב ביי בר. 139.

כדי איינצושטערען און באַנייען די פריינדליכע באַציהונגען צווישען אונזערע מיטגלידער, האָבען מיר אויך דאָס יאָהר פאַראַנשטאַלטעט אַ פאַמיליען־אַווענט פאַר אייגענע דעם 17טען יאַנואַר און געפייערט מיט אַ באַנקעט און אַ רייכען מוזיקאַלישען און ליטעראַרישען פּראָגראַם, דורכגעפיהרט מיט אייגענע קרעפטע אויף דעם פּרעכטיגסטען אופן.

נאָכדעם ווי פר. אייזנער האָט ערעפענט די פאַרזאַמלונג מיט אַ קורצער באַגריסונג צו די אַנוועזענדע בעלי שמחה — אנשים, נשים וטף, ביי, קיין עין הרע, אַ צוויי הונדערט פּופּצעהן אין צאָהל — און פאָרגעשטעלט דעם טשערמאַן פון דיזען אָבענד, דעם „אַלטען", דורך פיעלע יאָהרען מוסטערהאַפטען פינאַנץ־סעקרעטער, סעם לופּשיץ, וועלכער צייכענט אין קורצע, אָבער דייטליכע שטריכען דעם גאַנצען דרייצעהן יעהריגען פאָרווערטס מאַרש אַלס בראַנטש פון דעם גרויסען, אימער וואַקסענדען, דעמאָקראַטישען און פיעל פאַרשפּרעכענדען אָרדען — אַרבייטער רינג, (פריהער נאָך אַלס קלאָב „פריענדס אָף אָרט און עדיוקיישאָן"), דאַן דאָס „פּאָקען" און „טאָזלען", און עס פּרעהט איהם צו זאָגען, אַז וועהרענד פאַר אַ יאָהרען האָבען מיר צו אונזער יום טוב אויך געפייערט דעם חונדערטסטען מעמבער — פאַרמאָגען מיר היינט הונדערט עטליכע און זיבעציג פּראָגרעסיווע, גוטשטעהענדע מיטגלידער. — כן ירבו!

דער קאָנצערט ווערט ערעפענט מיט דער נייער רוסישער הימנע „פּרי ראַשיאַ". דער רייכער פּראָגראַם ווערט צו דער גרעסטער צופרידענהייט פון אַלעמען דורכגעפיהרט. נאָך אַ געשמאַקער און פרעהליכער סעודה מיט פר. וו. ראַפּאַפּאָרט אַלס טאָסטמייסטער און אינטערעסאַנטע טאָסטען האָט מען געטאַנצט יונג און אַלט, קליין און גרויס, ביז — ביז פּיעד אין דער פריה, ווען פריינד מיט פריינד האָבען זיך געשיידט און זיך צוגעוואונשען: דערלעבט איבער אַ יאָהר!

אגב אורחא, — דער „בחור", זאָל דאָ געזאָגט ווערען צו זיין קרעדיט, האָט זיך איינגעציינענט צו זיין „בר מצוה מיט איבער 200 דאָלאַר פאַר צוויי קראַנקע פריינד, ניט בעטענדיג מיט־שטיצע פון אַנדערע בראַנטשעס.

ווערטה צו דערמאָנען איז פאָלגענדעס: דאָס ליעד „תנחומים", פערפאַסט ביי דעם קינסטלער סאָלאָמאָן גאָלוב, געזונגען און אַקאָמפּאַנירט און פּיאַנאָ ביי די שוועסטער קערע און בעטי אייזנער זווינען אויפגענומען געוואָרען מיט בייפאַל.

וואָלף אייזנער.

---

## אַ קאָרעספּאָנדענץ פון לאָס אַנדזשעלעס

זייענדיג איבערפילט מיט פרייד וואָס מיר האָבען דערלעבט צו פייערען דעם 11 יעהריגען עקזיסטענץ פון אַרבייטער רינג דאָ אין לאָס אַנדזשעלעס קען איך זיך ניט צוריקהאַלטען פון צו זאָגען אַ פּאָר ווערטער: מיט דער גרינדונג פון בר. 248 איז געלייגט געוואָרען דער גרונדשטיין פאַר דער אידישער ראַדיקאַלער באַוועגונג דאָ אין לאָס אַנדזשעלעס. אַ דאַנק דעם אַ. ר. זיינען געשאַפען געוואָרען די אידישע יוניאָנס וואָס האַלטען אין פּראָגרעסירען, צו פאַרדאַנקען דעם אַ. ר. האָט די אידישע ראַדיקאַלע באַוועגונג אָנגעפאַנגען צו קריגען איהר ריכטיגען קאָליער. דאָס איז געווען מיט 10 יאָהר צוריק ביי פר. פישביין אין הויז. געווען זייטען מיר דאַן אַכט אין צאָהל, שוין אַרויס געערבענט דעם פר. פישביין'ס אַ קליין מיידעלע. זיצענדיג ביי איין גלעזעל וואַרימס האָבען מיר באַשלאָסען צו גרינדען אַ קלאָב, וועלכער זאָל זיך אָפּגעבען מיט פערשידענע גוטע אַרבייט. און גוטע אַרבייט האָט געקענט געטאָן ווערען. ספּעציעל אויף דעם געביט ווי צו פאַרהיטען אַז דער אידישער עלעמענט וואָס קומט אַריבער פון די איסט זאָל ניט אַריין געשלעפּט ווערען אין דעם האַנדעל פון „קאָנ־דעמפּטשוועס" וועלכע כ'האָט אין יענע יאָהרען געבושעוועט אַזוי ווי לעצטענס די פּלו.

מיט דער גרינדונג פון דעם אַ. ר. דאָ אין לאָס אַנדזשעלעס איז אַריין געטראָטען אַ נייע לעבען. דער ראַדיקאַלער געדאַנק האָט זיך גענומען פאַרשפּרייטען אויף דער אידישער גאַס, ס'האָט אָנגעהויבען פּראַקטיצירט ווערען אַלעס וואָס איז שעהן און נאָבעל אויף דער וועלט. און דאָס איז געוואָרען דאָס פּאָסיר־וואָרט פאַר די יעניגע וועלכע זיינען געקומען אין באַרירונג מיט דעם אַרבייטער רינג. זאָ אַזוינע שוואַרצע כחות ווי דער „זאַגענאַנטער קלאָב" איז קיין פּלאַץ געבליבען.

מיר מעגען זיך גראַטולירען פריינד מיט אונזער שעהנעם באַלעבען אָרדען בכלל און מיט דעם אַ. ר. אין לאָס אַנדזשעלעס בפרט.

ווען איך דערמאָן זיך פון אַ מאָל ביז היינט ווערט מיין האַרץ אָנגעפיהלט מיט שמחה זעהענדיג, די גוטע נאָבעלע אַרבייט, וועלכע דער אַ. ר. האָט אויפגעטאָן אויף אַלע געביטען און איך האָף אַז דער אַ. ר. וועט ניט אויפהערען פאָרצוזעצען זיין קאַמף צו העלפען באַפרייען די אַרבייטער פון זייער מאַטעריעלער און געזעלשאַפטליכער אונטערדריקונג. לאַנג לעבען זאָל דער אַ. ר. און דערלעבען אַ גוטען עלטער.

ה. ג. סיימאָנס, בר. 248.

---

# מעלדונגען

אונזער בראַנטש האָט באַשלאָסען לויט נאָך זיינע פינאַנציעלע אומשטענדען פאַרמאָגען זיין קאַסע פאַר דעם קוואָרטאַל 79.

מיט פריינדליכען גרוס, ל. בייטעל, סעק. בר. 198.

---

## נישט שולדיג!

צו אַלע מעמבערס און לעזער פון „פריינד" בכלל און צו נ׳ו בראַנזוויקער בפרט — די אויספאָרשונגס קאָמיטע פון בר. 563 אַ. ר. קען באַריכטען נאָך אַ גרינדליכע אונטערזוכונג, אַז אַלע רכילות און פאַרלוימדונגען וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען אויף אונזערען אַ מעמבער, דורך אַ געוויסען מעמבער איז ניט באַגרינדעט און מיר, די אויספאָרשונגס קאָמיטע האָבענדיג די פאַקטען און סטייטמענטס ערקלערען אַבסאָלוט אַז די עהרע פון אונזער מעמבער איז באַשמוצט געוואָרען אָהן גרינדע.

מיט פריינדליכען גרוס,
די אויספאָרשונגס קאָמ. עדיוק. בר. 563 א. ר.

---

## מיר זוכען מ. ריטש

אונזער אַ מעמבער פריינד מ. ריטש האָט פאַרלאָזט פּאָרטלאַנד נאָך ניו יאָרק אָהן אַ זיי געזונד. איהר זייט געבעטען דאָס צו אַדווערטייזען אין „פריינד". זיינע שולדען צום בראַנטש איז פאַר 1 קוו. ווער ס'וויסט פון איהם זאָל זיך ווענדען אויף דעם אַדרעס: דזש. סטערן, 411 סעלאָנג סטריט, פּאָרטלאַנד, אָרעגאָן.

---

מיר די פּובאָוויטש־קאָסאָווער ראַדיקאַלער בראַנטש 259 אַ. ר., פערזאַמעלט ביז איין מיטינג פרייטאג אבענד, מאַרטש דעם 5טען, 1920 פאָדערן אויף אונזערע אַלע מעמבערס צו האַנדלען נאָר מיט די אגענטען פון נעה מאַשינען, וועלכע וועלען צייגען אַ יוניאָן קאַרד.

בר. 259 אַ. ר. א. סטיינזאַ, סעק.

## רעפּאָרט פון דעם קאַליפאָרניאַ טעריטאָריעל אַ. ר. קאָנפערענץ

דער ערשטער טעריטאָריעל אַרב. רינג קאָנפערענץ אָף קאַליפאָרניאַ ווערט געעפענט זונטאג דעם 7טען מאַרטש, 11 אוהר פריה אין סאַנאַטאָריום אָפיס, לאָס אַנדזשעלעס. פר. סיימאַנס, דער סעקרעטער פון סיטי און דיסטריקט קאָמיטע רופט די אַנוועזענדע צו אָרדער און מען טרעט צו נאָמינײשאַן פון אַ צייטווייליגען טשערמאַן. און סעק. פר. ספּיגעלמאַן פון סאַן פראַנציסקאָ ווערט ערוועהלט אַלס טשערמאַן און פר. לואיס זאַגער ווערט ערוועהלט אַלס סעקרעטער.

עס ווערט אויפגענומען נאָמינײשאַנס פאַר אַ קרעדענשעל קאָמ. פר. סיימאַנס, פינקעלשטיין און לעוויט ווערען ערוועהלט אין דער קאָמ.

עס ווערט געמאַכט אַ רעסעס צו געבען צייט דער קאָמיטע צו אונטערזוכען די קרעדענשעלס און די קאָמיטע ברענגט אַריין פאָלגענדען רעפּאָרט:

בר. 248, לאָס אַנדזשעלעס, איז פאַרטראָטען דורך פר. סיימאַנס און פינקעלשטיין. בר. 443, לאָס אַנדזשעלעס איז פאַרטראָטען דורך פר. ראָטשטיין און ווײנשטיין. בר. 512, לאָס אַנדזשעלעס איז פאַרטראָטען דורך פר. פרידלענדער. בר. 114, סאַן פראַנציסקאָ איז פאַרטראָטען דורך פר. בען ספּיגעלמאַן. בר. 358 סאַן דיעגאָ דורך פר. מאַקס ראַדין. פרעסנאָ ברענטש דורך אַ פּראָקס' פר. דזש. לעוויט. סיטי און דיסטריקט קאָם. איז פאַרטראָטען דורך פר. לואיס זאַגער.

די קרעדענשעל קאָם. רעקאָמענדירט אַלעמען צו צולאָזען און גיט איבער צום קאָנפערענץ צו באַשטימען אויב דער דיסטריקט קאָמיטע דעלעגאַט האָט רעכט צו שטימען. די קאָנפערענץ באַשטימט אַז דער דיסטריקט קאָמיטע דעלעגאַט האָט אַ רעכט צו שטימען.

עס קומען פאָר וואַהלען פאַר אַ שטענדיגען פאָרזיצער און סעקרעטער. און פר. דזש. לעוויט ווערט ערוועהלט אַלס טשערמאַן און פ. לואיס זאַגער אַלס סעקרעטער. איבערנעמענדיג די טשער, באַגריסט פר. לעוויט די קאָנפערענץ, דייטעט אָן די אויפגאַבע פון קאָנפערענץ, גיט אַן איבערבליק איבער דער טעטיגקייט פון די ברענטשעס און ענדיגט זיין באַגריסונג ווינשענדיג ערפאָלג דער קאָנפערענץ.

פר. ב. קאָהען, וועלכער איז איינגעלאַדען געוואָרען פון דער דיסטריקט קאָם. צו באַגריסען די קאָנפערענץ, ווערט פאָרגעשטעלט פון טשערמאַן.

„ווען מיט 20 יאָהר צוריק זיינען עטליכע איינפאַכע מענשען" — האָט פריינד קאָהען אָנגעפאַנגען זיין באַגריסונג — צוזאַמען געקומען צו לייגען דעם גרונדשטיין פון אַרבייטער רינג, האָט זיך זיי פּאָזיטיוו ניט געחלום'ט דאָס דער אַרבייטער רינג וועט זיך פאַנאַנדערוואַקסען אין אַזאַ ריזיג־מעכטיגע אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע וועט קיין גלייכען צו זיך ניט האָבען אין דער גאַנצען געשיכטע פון דער ראַדיקאַלער אַרבייטער באַוועגונג. עס זיינען געמאַכט געוואָרן פאַרזוכען מיט גוטע און שלעכטע אַבזיכטען צו קאָפּירען דעם אַרבייטער רינג און עס האָט זיך קיינעם ניט איינגעגעבען צו שאַפען דאָס, וואָס יענע עטליכע איינפאַכע מענשען האָבען געשאַפען! און ווער ווייס, — פרעגט פר. קאָהען — אפשר אויך, איינפאַכע מענשען, צום ערשטען מאָל צוזאַמענקומענדיג זיך מיט'ן אַבזיכט פעראייניגטערהייט צו אַרבייטען פאַר פאָרשריט וועט זיך אויך איינגעבען צו שאַפען עפּעס מעכטיגעס, ווי די ערשטע גרינדער פון אַרבייטער רינג האָבען געשאַפען. ווייטער גיט פר. קאָהען אַן איבערבליק איבער די לעצטע פאַסירונגען פון דער גאַנצער וועלט, צייגט אָן ווי אין אונזער לאַנד זיינען פאַר די לעצטע פאַר יאָהר געשאַפען און צענטראַליזירט געוואָרען מעכטיגע אָרגאַניזאַציאָנען מיט דעם איין־איינציגען צוועק צו פאַרנעבלען די מוחות און צו פאַרבלענדען די אויגען פון עולם דאָס ער זאָל ניט קענען זעהן און פאַרשטעהן די גרויסע פאַסירונגען וואָס קומען פאָר אין דער אַלטער וועלט. און צום אומגליק פון דער מענשהייט האָט זיך די פינסטערלינגען פיעל איינגעגעבען. די מעהרסטע פון אונז האָבען זיך געלאָזט פאַרפירען און מיר האָבען ניט פאַרשטאַנען ווי אָפּצושאַצען די וויכטיגקייט פון די צייט פאַסירונגען. צום ענדע דריקט פר. קאָהען אויס די האָפנונג און דעם וואונש דאָס קאָנפערענץ וועט שאַפען די פעדים, וואָס וועלען פאַרבינדען אַלע ברענטשעס צוזאַמען און פעראייניגטערהייט וועלען מיר אַוועקלייגען גרונדשטיין פון אַ מעכטיגע באַוועגונג פאַר דער גליקליכער צוקונפט. אונזערע חלומות זיינען פאַרווירקליכט געוואָרען, רופט אויס פר. קאָהען — און די גליקליכע צוקונפט איז איצט שוין קיין חלום ניט מעהר. זי קומט אָן! פר. קאָהען ווערט וואַרם אַפּלאָדירט.

נאָכדעם ווערט די קאָנפערענץ באַגריסט פון פר. גאָלדבערג אין נאָמען פון בר. 248, פון פר. בערמאַן אין נאָמען פון בר. 358, פון ...שטיין אין נאָמען פון 443, פון פר. פרידלענדער אין נאָמען פון 512. נאָך די באַגריסונגען ווערט באַטראַכט דער פאָרגעשלאָגענער פון פר. סיימאַנס'ן טאָגעס אָרדנונג, וועלכע ווערט אָנגענומען נאָכדעם ווי עס ווערען צוגעשטעלט איניגע פונקטען.

1) אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט. 2) סאַנאַטאָריום. 3) סאַנאַטאָריום בילדונג. 4) רעקאָמענדאַציאָנען. 5) רעליעף פאַר די מלחמה קרבנות. 6) באַריכטען פון ברענטשעס. 7) נעקסטער טעריטאָריעל קאָנפערענץ. 8) ...אַהל פאַר דעלעגאַט צום קאָנווענשאָן.

מיט דעם ענדיגט זיך די ערשטע זיצונג. עס ווערט ערקלערט אַ רעסעס פון אַ שטונדע צו האָבען לאַנטש.

### צווייטע זיצונג

די צווייטע זיצונג עפענט זיך 1.30 נאָך מיטאג. אַלע ענטפערען דעם ראָל קאָל.

### אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט

פר. סיימאַנס רעדענדיג אין דער פראַגע, צייגט אָן אַז קאַליפאָרניאַ איז אַ גרויס פעלד פאַר'ן אַרבייטער רינג צו ענטוויקלען זיך. פיעל קליינע שטעטלעך זיינען באַזעצט מיט אידען, וועלכע זיינען פאַרשטאַנד און ווינשענסווערט פאַר'ן אַרבייטער רינג, און ברענגט אַרויס דעם געדאַנק, דאָס האָבענדיג אַ ספּעציעל אָנגעשטעלטען אָרגאַניזער קען מען פיעל אויפטאָן פאַר'ן אַ. ר. דאַרום איז זיין וואונש, אַז מען זאָל פאַרלאַנגען פון קאָנווענשאַן אָנצושטעלען אַן אָרגאַניזער פאַר אונזער טעריטאָרי פאַר אַ קורצער צייט.

עס הייבט זיך אויף אַ לעבהאַפטע דעבאַטע. פר. פינקעלשטיין צייגט אָן דאָס די אָנשטעלונג פון אַן אָרגאַניזער אויף אַ מאָנאַט צייט קען קיין געווינשטע רעזולטאַטען ניט ברענגען. יעדעס שטעטעל מוז אַמווענגיסטען 2—3 מאָל באַזוכט ווערען. אום דאָס זאָל געטאָן ווערען מוז אַן אָרגאַניזער זיין אָנגעשטעלט אויף 6 מאָנאַטען.

פר. ראָטשטיין ברענגט אַרויס דעם געדאַנק דאָס אָפטערע קאָנפערענצען, וועלען בעסערע נוצען ברענגען ווי אָרגאַניזערס. פר. ל. זאַגער צייגט אָן דאָס מען קען פון אַן אָרגאַניזער אַליין קיין פיעלעס ניט ערוואַרטען. די הויפּט אַרבייט מוז אָנגעפיהרט ווערען פון די מעמבערס זעלבסט. דער אָרגאַניזער קען ניט פאַרשנעלערען און פאַרפאָלקאָמען די אויפגעטאָנענע פון די מעמבערס אַרבייט. פר. ראַדין דייטעט אָן דאָס די בעסטע אָרגאַניזאַציאָנס מיטלען זיינען מאַסס־מיטינגען. פר. בערמאַן פון סאַן דיעגאָ צייגט אָן דאָס עס איז זעהר וויכטיג פאַר די קאָנטרי ברענטשעס, דאָס זיי זאָלען אָפטער באַזוכט ווערען פון אויטסיידיגע מעמבערס. דאָס גיט אַריין לעבען און טעטיגקייט אין די קאָנטרי ברענטשעס. און איינשטימיג ווערט אָנגענומען דער פאָרשלאַג אָנצושטעלען פון צייט צו צייט אַן אָרגאַנייזער. און אום צו האָבען מיטלען אָנצוגעהן מיט די אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט שלאָגט פר. זאַגער פאָר צו טעקסען יעדען מעמבער מיט 15 סענט אַ קוואָרטאַל פאַר די נעקסטע 2 קוואָרטאַלען. דער פאָרשלאַג ווערט אַמענדירט פון פר. פינקעלשטיין אַז דער טעקס זאָל זיין 25 סענט אַ קוואָרטאַל. דער אָריגינעלער פאָרשלאַג ווערט אָנגענומען. און עס איז באַשטימט געוואָרען דאָס די דיסטריקט קאָמ. זאָל דעם טעקס פאָרשלאַג גלייך צום רעפערענדום צו די ברענטשעס אַרויסשיקען.

עס ווערט אָנגענומען דער פאָרשלאַג פון פר. ראַדין דאָס צוזאַמען מיט'ן באַלאָט זאָל אויך אַרויסגעשיקט ווערען אַן אויפקלערונג פון די וויכטיגקייט פון אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט פאַר'ן אַרבייטער רינג.

עס ווערט איינשטימיג באַשלאָסען דאָס אַלע אָנגענומענע פון קאָנפערענץ באַשלוסען זאָלען דורכגעפיהרט ווערען פון דער סיטי און דיסטריקט קאָמיטע.

### לאָס אַנדזשעלעסער סאַנאַטאַריום

עס ווערט גערעדט וועגען דער פאַרוואַלטונג פון סאַנאַטאַריום. עס ווערט אָנגעצייגט דאָס ווען די פאַרוואַלטונג וואָלט געווען ווי עס דאַרף צו זיין, וואָלט אַזאַ טרויעריגער צופאַל, ווי אַ בוכהאַלטעריין זאָל גאַנצע 6 מאָנאַטען קענען גנב'ענען געלד וואָלט ניט געקענט פאַסירען. עס ווערט אַרויסגעבראַכט דער געדאַנק דאָס די אַנגעלעגענהייט איז ניט אַ לאָקאַלע פראַגע, עס איז אַ פראַגע פון גאַנצען סטייט. דעריבער האָט די קאָנפערענץ באַשלאָסען אינסטרואירען דער סיטי און דיסטריקט קאָמיטע צו ערוועהלען אַ קאָמיטע פון 3, גרינדליך אונטערזוכען די זאַך און די רעזולטאַטען פון דער אונטערזוכונג לאָזען וויסען שריפטליך צו די ברענטשעס.

פר. ראָטשטיין ערקלערט וואָס די לאָס אַנדזשעלעס אַ. ר. ברענטשעס האָבען געטאָן פאַר'ן סאַנאַטאַריום. זיי האָבען זיך אָנגעשטרענגט איבער די קרעפטען און געלאָזט בילדען קאָטעדזשעס אין סאַנאַטאַריום. ער ברענגט אַרויס דעם געדאַנק אַז די אַ. ר. מעמבערס זיינען באַרעכטיגט צו ספּעציעלע פּריווילעגיעס און אַריינגענומען צו ווערען. פר. לעוויט, מעמבער פון באָאַרד אָף דירעקטאָרס, ערקלערט די וויכטיגקייט פון אַן האָספּיטאַל בילדינג פאַר'ן סאַנאַטאַריום. ער צייגט אָן דאָס היינט צוטאָג געפינען זיך אין סאַנאַטאַריום 13 אַ. ר. מעמבערס, וועלכע קומען פון ניו יאָרק און ברוקלין. איינער פון זיי איז ניט אַריינגענומען געוואָרען אין אַ. ר. סאַנאַטאַריום, ווייל זיין צושטאַנד פאָדערט ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט. דער היגער לאָס אַנדזשעלעסער סאַנאַטאַריום האָט איהם יאָ אַריינגענומען און שטרענגט אַן אַלעס מעגליכעס צו געבען די ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט, וואָס זיין קיום פאָדערט. ער צייגט אָן דאָס מיט'ן אויפבויאונג פון האָספּיטאַל בילדינג וועלען אַ. ר. פּאַציענטען פיעלעס געווינען. און מען באַשטימט איינשטימיג צו אינדאָרסירען די באַוועגונג פאַר אַן אַ. ר. האָספּיטאַל בילדינג.

### רעקאָמענדיישאַנס

פר. ספּיגעלמאַן פון סאַן פראַנציסקאָ שלאָגט פאָר דאָס פריסקאָ'ער אָקלאַנדער און פרעזנאָ'ער ברענטשעס זאָלען אָפּגעזונדערט ווערען אין אַ באַזונדער טעריטאָרי כדי צו געבען פריסקאָ'ער בר. אַ געלעגענהייט צו שיקען זייערען אַ מעמבער אַלס דעלעגאַט צום אַלגעמיינעם אַ. ר. קאָנווענשאָן. עס ענטוויקעלט זיך אַ לעבהאַפטע דעבאַטע אין וועלכע די מעמבערס צייגען אָן אַז די באַשטימונג פון טעריטאָריען איז

אין די מאכט פון דער דזשענעראל עקזעקוטיווע, וועלכע נעהמט אין אכט די צאָהל פון די ברענטשעס און די גרויסקייט פון די מעמבער־שיפּ פון דעם דיסטריקט. און אַזוי ווי די דערמאָהנטע ברענטשעס האָבען ניט קיין גרויסען מעמבערשיפּ, וועט די דזשענעראל עקזעק. ניט באַווילינגען זייער פאַרלאַנג. עס ווערט אויך ארויסגעזאָגט, דאָס אויב די ברענטשעס זיינען שטאַרק פאַראינטערעסירט צו האָבען אַן אייגענעם דעלעגאַט, זאָלען זיי זיך נעהמען ענערגיש צו אָרגאַניזאַ־ציאָנס אַרבייט. אַ ברייטע פעלד האָבען זיי, אַזעלכע שטעטלעך ווי פּאַטאַלומא, סאַקראַמענטא, מאָדעסטא, סטאָקטאָן, האָבען אַ גענוג פּאַ־סענדען עלעמענט צו גרינדען ברענטשעס פון אַ. ר. און ווען דאָס זאָל געטאָן ווערען, וועלען זיי האָבען מעהר רעכט צו פאַרלאַנגען אַ סע־פּעריט טעריטאָרי, און עס קען דאַן מעגליך זיין דאָס די דזשענעראַל עקזעקוטיווע וועט זייער פאַרלאַנג באַווילינגען. און ביז דאַן, פּערזי־בערט מען זיי, ווען נאָר די איצטיגע טעריטאָרי וועט ווערען באַ־רעכטיגט צו שיקען אַ צווייטען דעלעגאַט, וועט מען פּאָזיטיוו געבען פריסקאָ די געלעגענהייט צו שיקען זייערען אַ מעמבער אַלס דעלעגאַט צום קאָנווענשאָן. דאָס איז יושר'דיג. ווען דער איצטיגער דיס־טריקט וואָלט לעצטען 1טען יאַנואַר געהאַט מיט 20 מעמבערס מעהר, וואָלט מען געקענט שיקען נאָך אַ צווייטען דעלעגאַט. מיט דיזער לעצטער ערקלערונג וועט דער פאַרלאַנג פאַר אַ סעפּעריט טעריטאָרי פאַר די נאָרטה ברענטשעס צוריקגעוויזען.

## פּעני טעקס

באַטראַכטענדיג די פראַגע ווי צו פאַרגרעסערען דעם פאָנד פון די אַ. ר. עקס סאַנאַטאַריום פּאַציענטען שלאָגט פר. סיומאַנס פאַר דאָס דער דעלעגאַט צום קאָנווענשאָן זאָל פאַרלאַנגען דאָס די קאָנווענשאָן זאָל באַשטימען אַ פּעני טעקס פּער קוואַרטאַל פון יעדען אַ. ר. מעמ־בער פאַר אַ שטיצונגס פאָנד פאַר די אַ. ר. עקס־טובערקולאַר פּאַציענ־טען. דער פאָנד זאָל צוטוילט ווערען און פערוואַלטעט ווערען פון עקס־פּאַציענטען' אָרגאַניזאַציאָנען, וואו אַזעלכע זיינען שוין געגרינ־דעט געוואָרען. עס ווערט אויך פאָרגעשלאָגען דאָס אַנשטאַט אַ פּעני טעקס זאָל פאַרלאַנגט ווערען אַ יעהרליכע שטיצע פון טויזענד דאָלאַר אַנשטאַט איצטיגע 500 דאָלאַר יעהרליכע שטיצע.

ביידע פאָרשלעגע זוערען דעבאַטירט און דער פּעני טעקס פאָר־שלאַג ווערט אַנגענומען.

עס ווערט אויך באַשלאָסען דאָס דער דעלעגאַט זאָל פאַרלאַנגען פון קאָנווענשאָן אַ דאָניישאָן פון 1000 דאָלאַר פאַר דער האָספּיטאַל בילדינג פון סאַנאַטאַריום. אַלע איבעריגע רעקאָמענדיישאָנס צום קאָנווענשאָן ווערט איבערגעגעבען צו דער דיסטריקט קאָמיטע, זי זאָל זיי אויסאַרבייטען און איבערגעבען זיי דעם דעלעגאַט צום קאָנווענשאָן

בר. 443 באַריכטעט דאָס זייערע מעמבערס האָבען בייגעשטייערט פאַר'ן אַ. ר. מלחמה קרבנות פאָנד 500 דאָלאַר. אָוקלאַנדער בר. האָט געשאַפען 800 דאָלאַר. בר. 114 סאַן פראַנציסקאָ האָט געטעקסט יעדען מעמבער מיט אַ דאָלאַר און 50% פון אַ באָל. סאַן דיעגאָ'ער בר. האָט געשאַפען פאַר'ן פאָנד 100 דאָלאַר. בר. 248 האָט ביי זייערען אַ באַנקעט געקאָלעקטעט 100 דאָלאַר און געטעקסט יעדען מעמבער מיט אַ דאָלאַר. בר. 512 האָט געטעקסט יעדען מעמבער מיט אַ דאָל. דער קאָנפערענץ דריקט אויס זיין צופרידענהייט מיט די געשאַפענע שטיצע און באַשליסט צו אינסטראָקטען דער דיסטריקט קאָמיטע צו באַטראַכטען מיטלען ווי אָנצופיהרען אַן ערפאָלגרייכען ווייטערדיגען קאַמפּיין פאַר אַ גרעסערען פאָנד פאַר די מלחמה קרבנות.

## באַריכטען פון ברענטשעס

פרעזנא'ער בר. באַריכטעט דאָס דער בר. איז אונטעטיג. פאַר־לאַנגט דאָס אַ פאָרשטעהער פון דיסטריקט זאָל באַזוכען דעם ברענטש, וואָס עס וועט זעהר פיעל אָפּלעבען דעם ברענטש. פר. סיומאַנס פון בר. 248 באַריכטעט: דאָס אָבוואָהל דער ברענטש האָט אַ גרויסע מעמבערשיפּ, דאָך ווערען די מיטינגען שוואַך באַזוכט. אַלס הויפּט אורזאַכע גיט ער אָן דאָס די קאָמיטעס טוען ניט זייערע פליכטען, און פיעלעס ווערט פאַרנאַכלעסיגט. ער פאַרלאַנגט אַז מען זאָל אַרבוי־טען פאַר אַ פאַראייניגונג מיט בר. 443. זייענדיג פאַראייניגט וועט מען קענען זעהר פיעל וויכטיגע אַרבייט פאַר זיך און פאַר'ן אַ. ר. אין אַלגעמיין אויפטאָן. דעם פרעהליכסטען רעפּאָרט גיט מען אָפּ פון בר. 443. זיי נעמען אַריין יעדען מיטינג פיעלע מעמבערס. די מיטינגען ווערען שטאַרק באַזוכט, אַזוי ווי די הויפּט רוטינע אַר־בייט ערליידיגט די עקזעקוטיווע, ווערען די אַלגעמיינע מיטינגען פאַרוואַנדעלט אין עדיוקיישאָנאַל מיטינגען, וואו מיינסטענס ווערען דיסקוסירט „די לעצטע פּאַסירונגען פון די פערגאַנגענע פאַר וואָכען". דער ברענטש שטיצט גאַנץ שטאַרק די נויטליידענדע מעמבערס; די קראַנקע ווערען באַזוכט. און דאָס אַלעס איז די אורזאַכע וואָס דער ברענטש איז שטאַרק און וואַקסט. פון בר. 512 באַריכטעט מען דאָס עס ווערען די מיטינגען גאַנץ גוט באַזוכט. זיי שטיצען פאַר־שיעדענע באַוועגונגען, ספּעציעל וואָס האָבען אַ געוויסע ראַדיקאַלע נייגונג. זיי האָבען ניט לאַנג געפייערט עדעלשטאַט'ס יאָהרצייט, געמאַכט אַן אונטערנעהמונג פאַר דער „פרייער אַרבייטער שטימע". די לעצטע צייטען פיהרען זיי דורך ספּעציעלע עדיוקיישאָנאַל מיטינ־גען, וואו זייערע אייגענע מעמבערס האַלטען פאָרטרעגע איבער פער־שידענע געגענשטענדע. פון סאַן פראַנציסקאָ'ער בר. באַריכטעט פר. ספּיגעלמאַן, דאָס אין אַלגעמיין איז דער צושטאַנד פון בר. אַ צופרי־דענשטעלענדער. זיי פאַרמאָגען אַן אייגענע פיינע ליבערערי, האַלטען

וועכענטליך ליטעראַרישע און עדיוקיישאָנעלע מיטינגען. זיי האָבען גראד ניט קיין גרויסען מעמבערשיפּ דער פאַר, ווייל, ערשטענס זיינען זיי זעהר פאַרזיכטיג מיט'ן אַריינגעהמען מעמבערס. צווייטענס, זעלטען ווער עס פאַרבלייבט אַלס אַ שטענדיגער איינוואוינער אין פריסקאָ. זיי נעהמען אַריין מעמבערס, אָבער אָפּזייענדיג קליינע ווילע אין פריסקאָ, פאָהרען זיי אַוועק פון פריסקאָ און טרעטען פערירען זיך אין אַנדערע ברענטשעס. מיט איין זאַך זיינען זיי זיכער ווען זיי נעהמען אַריין אַ מעמבער וועט ער שוין בלייבען אין אַ. ר. אויף אימער.

סאַן דיעגאָ'ער בר. באַריכטעט, דאָס אָבוואָהל זיי זיינען יונג, דאָך טוען זיי גאַנץ גוטע אַרבייט. זיי שטיצען אַלע אויפרופע פון די ברענטשעס. איין לעקטשור אָפּגעהאַלטען און אַ צווייטע וועלען זיי אין גיכען אָפּהאַלטען. זיי האָפען אַז די דיסטריקט קאָמיטע וועט זיי אָפטער באַזוכען און אַרויסהעלפען זיי.

אייבזעהענדיג די נוצליכקייט פון דעם טעריטאָריעל קאָנפערענץ באַשליסט מען אָפּצוהאַלטען האַלב יעהרליכע קאָנפערענצען. נעקסטע קאָנפערענץ איז באַשלאָסען געוואָרען אָפּצוהאַלטען דעם ערשטען זונטאג אין סעפּטעמבער. דער פלאַץ פון קאָנפערענץ זאָל באַשטימט ווערען דורך אַ רעפערענדום. עס איז באַשטימט געוואָרען פאָרצושלאָגען פרעזנא און סאַן דיעגאָ אַלס די פּאַסענדסטע פּלעצער פאַר' נעקסטען קאָנפערענץ.

## נאָמינירען אַ דעלעגאַט

עס ווערט פאָרגעלעזען פאָלגענדע פאָרגעשלאָגענע מעמבערס: ד'ר לעוויט פון בר. 248. אַב. מגיד פון בר. 443. טאבאַק פון בר. 512. דורך דער ערשטער אַבשטימונג איז פר. טאַבאַק דורכגעפאַלען. עס איז דיסקוסירט געוואָרען וועגען די מעגליכקייט פון איניגען זיך אויף איין דעלעגאַט. נאָר קיינער פון די ברענטש־פאָרטרעטער האָט ניט געוואָלט צוריקציהען זייער דעלעגאַט. איז באַשלאָסען געוואָרען צו שטעלען פר. דזש. לעוויט און פר. אַב. מגיד ביידען אויף באַלאָט און שיקען צום רעפערענדום צו די ברענטשעס. די באַלאָטען מוזען אַריינגעשיקט ווערען צום סעקרעטער פון דיסטריקט ניט שפּעטער פון 4טען אַפּריל. מיט דעם שליסט זיך דער קאָנפערענץ.

לואיס זאגער, סעקרעטער פון קאָנפערענץ

---

## ברענטש 568 אַ. ר. בריסטאָל, קאָנ.

אין עהרע פאַר דעם אָפּשייד פון אונזער פריינד מ. ראַבין האָבען מיר אַראַנזשירט דעם 12טען יאַנואַר אַן אָפּשיידס באַנקעט. מיר אַלע מעמבערס פון אונזער ברענטש באַדויערען זעהר זיין אָפּשייד פון אונז אַלס דעם טעטיגסטען מעמבער פון ברענטש און מיר ווינשען איהם ערפאָלג אין זיין פּערזענליכען לעבען און אויף ווייטער זאָל ער ווערען מיעד צו אַרבייטען פאַר'ן אַ. ר. בפרט און פון דער ערלייזונג פון דער גאַנצער מענשהייט בכלל.

דורך אַן אַפּיעל פון מרס. ראזקין איז קאָלעקטעט געוואָרען 7 דאָל. פאַר די מלחמה קרבנות און לכבוד דעם באַנקעט האָבען מיר אַריינגענומען 5 מעמבערס אין ברענטש.

רעזאָלוציאָן קאָמ. מ. ראזקין, רעק. סעק.

---

מיר די מעמבערס פון ברענטש 441 דריקען אויס אונזער טרויער צו אונזער פערשטאָרבענעם מעמבער מעקס גאָלדבערג, וועלכער איז געשטאָרבען אין דעם עלטער פון 43 יאָהר. ער האָט איבער געלאָזען אַ פרוי מיט פיער קינדער אין אַ קריטישער לאַגע. ער איז געווען איינער פון די גרינדער פון דעם דזשעקסאָנווילער ברענטש און איינער פון די טעטיגסטע מעמבערס אין דער אַרבייטער באַוועגונג פון דזשעקסאָנוויל.

מיט טרויער, די קאָמיטע פון ברענטש 441 אַ. ר.

ל. שעוויטץ, דזשעקסאָנוויל, פלאָרידאַ, ב. בערלין, א. ווייזמאַן, ל. בארנארד, סאָוויטץ.

---

די מעמבערס פון ראַד. סוירקל אַף קעמפּמייקערס בר. 72 אַ. ר. דריקען אויס אונזער טיעפסטען טרויער און באַדויערונג אויף דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פר. און ברודער מאַקס פּערלאָוויץ, וועלכער האָט געגעבען זיין גאַנצע פרייע צייט צו דער אַרבייטער באַוועגונג און וועלכער איז ביז זיין טויט פאַרבליבען געטריי צו זיינע פּרינציפּען און וועלכער איז געפאַלען אַלס קרבן אין דער מלחמה צווישען קאַפּיטאַל און אַרבייט אין די גרויסען מילינערי סטרייק.

סאָלאָמאָן האַנדמאַן, רעק. סעק.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען באַדויערען און שמערץ צו אונזער פר. מאָריס קאַטץ אויף דעם פריהצייטיגען טויט פון זיין געליעבטער פרוי. אויך דריקען מיר אויס אונזער סימפּאַטיע צו די צוויי יתומים.

בר. 304, דזש. געלט, חזש. בלאָטט, רעז. קאָמ.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 315 אַ. ר. אַף בארא פארק, דריקען אויס אונזער טיעפסטען באַדויערען צו אונזער מעמבער מ. פוירלמאַן איבער דעם פריהצייטיגען טויט פון זיין פרוי ראָזי פוירלמאַן.

אויך דריקען מיר אויס אונזער גרויסען טרויער און שמערץ אויף דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פריינד און מעמבער אַלפערט. אונזער טרייסט און סימפּאַטיע צו זיין פרוי און קינדער.

אויך דריקען מיר אויס אונזער טרויער און מיטגעפיהל צו אונזער פר. יאָזעף דאַגער, איבער דעם גרויסען פאַרלוסט פון זיין ליעבענדער טאָכטער סערע דאַגער.

פיליפּ סאַפּרין, רעק. סעק.. בר. 315 אַ. ר.



# פון אונזער קארעספאנדענץ



## נ. י. ארבייטער רינג נאמינייש‍אן קאנפערענץ

די א. ר. נאמינייטאן קאנפ. וואס איז אפגעהאלטען געווארען דיענסטאג אבענד, דעם 2טען מארטש, אין „פארווערטס" בילדינג, ווערט ערעפענט פון פריינד עפשטיין, טשערמאן פון א. ר., מיט א קורצע רעדע, אין וועלכע ער ערקלערט די וויכטיגקייט פון דיעזער קומענדער קאנווענשאן. ער זאגט צווישען אנדערעס: דיעזע קאנווענשאן וועט ווירקליך זיין אן אמת יום טוב'דיגע. צווישען וועט ווערען 20 יאהר ווי דער א. ר. עקזיסטירט, און צווייטענס, שטעהן פאר פיעלע וויכטיגע פראגען פאר דיעזער קאנווענשאן. ער זאגט אז ב. ש. וועגען אן אייגענע הויז פאר'ן א. ר., וועגען א חיים פאר אונזערע אלטע מעמבערס און נאך אזעלכע וויכטיגע פראגען. די ערוועהלטע דעלעגאטען וועלען דארפען זיין שטאלץ צו זיין די פארטרעטער ביי דיעזער יוביליאום קאנווענשאן. פר. עפשטיין ערקלערט אויך, דאס לויט די צאהל מעמבערס, איז גרייטער נויארק בערעכטיגט צו ערוועהלען 70 דעלעגאטען, ווייל אבער ווי די ברוקלינער ברענטשעס זיינען דיעזען יאהר אויסגעטיילט געווארען אין א בעזונדערער טעריטאריע און זיי גייען בערעכטיגט צו 8 דעלעגאטען בלייבט דארום פאר דיעזער קאנפערענץ צו ערוועהלען ניט מעהר ווי 62 דעלעגאטען, אדער צו נאמינירען 124, וועלכע נעמען זאלען געשיקט ווערן צו די ברענטשעס פאר אבשטימונג.

מען געהט איבער צו נאמינייש‍אנס פאר בעאמטע און פאלגענדע ווערען ערוועהלט: אלס טשערמאן ל. דינערשטיין פון בר. 99, וויס טשערמאן ת. ידין, בר. 1; אלס סעקרעטאריאט ווערען ערוועהלט פריינדע מ. וואלבערג, בר. 82, און ז. שפייער, פון בר. 75.

א קרעדענשעל קאמיטע ווערט אפאינטעט פון די פריינדע: נאפטולינג בר. 367, באק פון בר. 28, שטיין פון בר. 455, בערמאן פון בר. 560 און וויף פון בר. 510.

עס ווערט אויפגענומען די פראגע, צי די קאנפערענץ זאל גלייך ערוועהלען די דעלעגאטען צום קאנווענשאן, אדער בלויז נאמינירען און שיקען די ברענטשעס פאר אן אפשטימונג דורך א רעפערענדום. עס רעדען איבער פראגע 4 גענעראל-רעדנער. פאר דעם אז מיר זאלען בלויז נאמינירען; ריידען וואלאס פון בר. 55 און לאטקער פון בר. 852; פאר דעם די קאנפערענץ זאל אליין גלייך ערוועהלען די דעלעגאטען, ריידען נ. בערמאן פון בר. 165 און לעווינזאן פון בר. 96.

מיט 86 שטימען דאפיר און 42 דאגעגען, ווערט באשלאסען צו ערוועהלען די דעלעגאטען גלייך ביי דער קאנפערענץ.

דעלעגאטען פון 4 ברענטשעס ענטזאגען זיך צו בעטהייליגען אין שטימען, ווייל, ווי זיי ערקלערען, האבען זיי ניט קיין אינסטרוקשאנס פון זייערע ברענטשעס ווי אין אזא פראגע צו שטימען.

פריינד גאלדינג, טשערמאן פון קרעדענשעל קאמיטע, בעריכטעט, אז עס זיינען פערטראטען 95 ברענטשעס דורך 146 דעלעגאטען. די נאציאנאלע עקזעקוטיווע איז פערטראטען דורך די פריינדע א. עפשטיין און קלופט.

די דעלעגאטען ווערען צוגעלאזען.

פאלגענדע ווערען ערוועהלט אלס צעהלער-קאמיטע: סילווערמאן פון בר. 3, גאלדמאן פון בר. 99, קליין פון בר. 367, מאטלין בר. 2 און באק בר. 28.

דורך א ראל קאל ווערט פון די דעלעגאטען צוגענומען די אבגעשטימטע שטימען. אונטער דער אויפזיכט פון דער צעהלער קאמיטע.

י. שפייער, בר. 75; מ. וואלבערג, בר. 82

---

## טשער האלב-יעהרליכער רעפארט פון דער ניו-יארק ארג. קאמיטע.

דעם לעצטען סעפטעמבער זיינען מיר אינסטאלירט געווארען מיט 22 מעמבערס. די מעמבערס האבען גלייך געפעהלט. ווי אימער, זיינען באלד נאך אונזערע איינגעפאנגענע, און מיר האבען ערוועהלט אנדערע אויף זייער פלאץ. מיר האבען זיך גלייך גענומען צו דער ארבייט, וואס עס איז אונז פארטרויט. גלייך ביים אינסטאליישאן האבען מיר באשלאסען, אז מיר זאלען ניט נאר געהן אין די ברענטשעס, נאר טאן אלץ וואס עס איז נוטיג פאר דעם א. ר. מיר האבען אנגעפאנגען דעם קאמפיין פאר 20 טויזענד מעמבערס ביז דער 20טער יעהרליכער קאנווענשאן, און 50 טויזענד דאלאר פאר די מלחמה און פאגראם קרבנות, פאר דער א. ר. קאאפעראטיווע, איבערהויפט פאר אן א. ר. לייסעאום, און פאר דעם קאמפיין פון ס. פ. מיר האבען איין אלע ברענטשעס, וואס מיר האבען נאר באזוכט, געטריבען די פראגע וועגען העלפען דעם קאמפיין פאר דער פארטיי אין איהר פינאנציעל, איבערהויפט פאר דעם פאנד צום טרייעל פון די סוספענדירטע 5 אסעמבלי לייט אין אלבאני. די ברענטשעס האבען דאס אנגענומען און געשטיצט מיט גאנץ היבשע סומען געלד.

קאאפעראטיווע ארבייט. — מיר האבען אויפגעהויבען די פראגע פון די קאאפ. ביי יעדען בר. וואס מיר האבען באזוכט. מעהרערע ברענטשעס האבען זיך שוין אנגעשלאסען, און די איבעריגע וועלען אין קורצען נאכפאלגען.

ארגאניזאציאנס-ארבייט. — מיר האבען אנגעפאנגען דעם קאמפיין פאר 20 טויזענד נייע מעמבערס ביז צו דער נעקסטער קאנווענשאן. מיר האבען געעפענט מיט 3 גרויסע קאנצערטען: איינעם אין קופער יוניאן פאר מאנהעטען, דעם צווייטען אין בראנזוויל לייבאר לייסעאום פאר ברוקלין און בראנזוויל, און דעם דריטען אין האנטס פאינט פעלעס פאר בראנקס. מיר האבען באזוכט כמעט אלע ברענטשעס און אגיטירט פאר נייע מעמבערס, און אלע ברענטשעס האבען זיך ערפאלגרייך ארויסגעצייגט. מאנכע ברענטשעס האבען זיך שוואך אבגערופען, האפען מיר אבער אז ביז צו דער קאנווענשאן וועט אונז געלינגען, מיט דער הילף פון די ברענטשעס, דער קוואטע צוצושטעלען.

מלחמה-קרבנות. — דער רוף פון דער נאצ. עקז. פאר 50 טויזענד דאלאר פאר די מלחמה ליידענדע, האבען מיר נעארבייט מיט דעם גאנצען פון אונזער הארצען. מיר קענען מיט שטאלץ זאגען אז אונזער ארבייט איז אן ערפאלג און מיר האפען אז ביז צו דער קאנווענשאן וועלען מיר אליין איבערשטייגען.

א. ר. לייסעאום. — מיר האבען אויפגענומען די פראגע וועגען אן א. ר. לייסעאום. מיר האבען גערופען קאנפערענצען פון די נויארקער ברענטשעס. די פראגע איז דעבאטירט און גוט ארומגערעדט געווארען. עס איז באשלאסען געווארען איינשטימיג, אז אזא אינסטיטוציע איז א נויטווענדיגקייט. די דעלעגאטען פון 75 ברענטשעס (150 אין צאהל) האבען זיך פארפליכטעט צו העלפען אין דער ארבייט. עס שטעהט יעצט אין יעדען נויארקער ברענטש אויף דער טאגעס-ארדנונג וועגען זעהן צו שאפען אן א. ר. חיים. די ברענטשעס פאסען רעזאלוציאנען און שיקען זיי צו דער נאצ. עקז. אויספארערנדיג זיי, די פראגע וועגען אז א. ר. היים פארצוברענגען ביים נעקסטען קאנווענשאן, און עס איז כמעט ווי זיכער, אז אז א. ר. חיים וועט געשאפען ווערען. עס פארשטעהט זיך, אז די מעמבערס פון דעם אר. רינג וועלען נאר אביסעל צוהעלפען.

ברענטשעס באזוכט. — מיר האבען אין דעם האלבען יאהר באזוכט 436 ברענטש מיטינגען. אין מאנכע ברענטשעס איז געווען אביסעל טראבעל. מיר האבען געטריעט אלץ אויסצוגלייכען צו דער צופרידענהייט פון אלעמען. מיר האבען געהאלפען די שוואכע ברענטשעס אביסעל אויפצולעבען. מיר האבען גערופען ספעציעלע מיטינגען און דערוויזען די מעמבערס, ווי נויטיג עס איז פאר א ברענטש צו האבען באזוכטע מיטינגען. מאנכע ברענטשעס, וואס האבען נישט געקאנט אליין שטעהן, האבען מיר פאראייניגט מיט נאך א ברענטש. אין אלגעמיין זיינען די נויארקער ברענטשעס ניט שלעכט.

„פאסיוויטיס" באזוכט. — מיר האבען פאר דער צייט באזוכט 22 „פאסייטיס". מיר האבען זיי געגעבען אינפארמאציע איבער דעם ארב. רינג. 11 נייע ברענטשעס האבען מיר אינסטאלירט, מיט מאנכע האלטען מיר אין פארהאנדלען, זיי וועלען אין קורצען אינסטאלירט ווערען. מאנכע האבען מיר איינגעצען צוריקגעוויזען, ווייל זיי זיינען נישט פאסיג פאר דעם ארב. רינג.

פאלגענדע ברענטשעס האבען מיר אינסטאלירט: אסטראווער יאנג מען, דעם 12טען אקט, אלס בר. 856; פרענדס אייד סאסייטי, 12 אקט., אלס בר. 559; מאטראצען מאכער יוניאן, 10 אקט., אלס בר. 593; קאפינער פאראליער, 28 נאוו., אלס בר. 829; מאדערן מינסקער, 30 נאוו., אלס בר. 550; נאשעלסקער, 4 יאנ., אלס בר. 622; אסטראפאלער יאנג מען, 9 יאנ., אלס בר. 621; זאראווער יאנג מען, 18 יאנ., אלס בר. 632; קראסניפאלער יאנג מען, 24 יאנ., אלס בר. 623; פיינטערס יוניאן, 25 יאנ., אלס בר. 630; אר. כאר, 29 פעבר., אלס בר. 625.

אלזא פריינדע, מיר האבען אייך איבערגעגעבען בקיצור אלץ וואס מיר האבען אויפגעטאן אין די פארגאנגענע 6 מאנאטען. מיר וואלטען אייך געקאנט איבערגעבען יעדע ארבייט מיט מעהר איינצעלהייטען, נאר אזוי ווי מיר קענען ביי דער יעצטיגער צייט נישט פארנעהמען פיעל פלאץ אין „פריינד", מוזען מיר אלץ באשרענקען. מיר דענקען אבער, אז פון דעם קליינעם רעפארט וועט איהר אורטיילען אונזער ארבייט. מיר האפען אז ביי דעם יעהרליכען רעפארט וועלען מיר קענען אייך איבערגעבען אלץ אין איינצעלהייטען.

נויארק סיטי קאמיטע א. ר., א. לאנגער, סעק.

---

## די האריסבורגער טעריטאריעלע קאנפערענץ

די האריסבורג טעריטאריעלע קאנפערענץ איז אפגעהאלטען געווארען אין האריסבורג, פא., זונטאג פעב. 29טען, 1920. די פאלגענדע דעלעגאטען זיינען געוועזען אנוועזענד. ס. ה. דיוויז, בר. 105; ל. וואגנער, בר. 112; ס. ליבערמאן, בר. 113; ה. מישקין, בר. 182; י. גורעוויץ, בר. 292; ס. לעווין, בר. 880. די ברענטשעס 56, 474, 490, 565 האבען ניט געשיקט קיין דעלעגאטען.

נאך א באנקעט פאר די דעלעגאטען האט פר. דיוויז, בר. 105, געעפענט דעם מיטינג פון דער קאנפערענץ. פר. ליבערמאן, בר. 113, איז ערוועהלט געווארען טשערמאן. פר. דיוויז, בר. 105, סעק.

די קרעדענשעלס קאמ. האט רעפארטעט, אז 6 דעלעגאטען זיינען געוועזען אנוועזענד און אלע קרעדענשעלס זיינען צופרידענשטעלענד. דער רעפארט איז אנגענומען געווארען און אלע דעלעגאטען אנערקענט.

בר. 105 רעפארטעט גוטע ארבייט. דער בר. טוט זיין בעסטעס ארויסצונעמען מעמבערס אום אויסצופילען די קוואטע. ווי אויך האט דער בר. גענומען אן אקטיווען אנטייל אין דעם לעצטען קאמפעין פאר די מלחמה ליידענדע. דורך דער ארבייט פון בר. 105 אויף דעם געביט האט די פיפלס רעליעף קאם. געקראגען 10 פראצ. קרעדיט פון דער גאנצער איינגאהמע אין דעם קאמפעין. נאר דער בר. שטעלט זיך ניט אפ דערביי; ער האפט צו טאן נאך בעסערע ארבייט אין דער צוקונפט. דער בר. האט יעצט ארום 70 מעמבערס, האט ניט לאנג פארגרעסערט זיין איינקונפט דורך דעם קויפען פון א סעמעטערי.

בר. 182 רעפארטעט אויף גוטע ארבייט. ער נעמט אן אקטיווען אנטייל אין שטאדטישע אנגעלעגענהייטען. ער קען אבער קיין נייע מעמבערס ניט צוקריגען, ווייל עס איז אין שטאדט ניטא דער עלעמענט פון וועלכען מען זאל קענען קריגען נייע מעמבערס. פאר'ן רעליעף האבען זיי געארבייט צוזאמען מיט די איבעריגע קאמיטעטען, ווי אויך וועלען זיי אויספילען די קוואטע צום דזשענעראל אפיס פאר'ן רעליעף.

בר. 880 אללענטאון, פא., רעפארטעט וועגען זעהר ניט גינסטיגע אומשטענדען אין שטאדט. די פערפאלגונגען געגען די פראגרעסיווע עלעמענטען זיינען געפעהרליך. זייער רייכע לייברערי איז אין סכנת פארכאפט צו ווערען פון די רעאקציאנערע עלעמענטען. דאס איז די אורזאכע ווארום דער בר. אין בעטהלעהעם, פא., איז אין אזא שוואכען צושטאנד. דאך טוען זיי גוטע ארבייט, ארבייטען שטארק פאר נייע מעמבערס, רעליעף. א. א. וו. אויך געהט יענער בר. גרינדען אן א. ר. שולע פאר קינדער. אבוואהל זיי האבען קיינע געלדער אין זייער טרעזשורי, דאך זיינען זיי אימשטאנד דורכצופיהרען וואס זיי געפינען נאר פאר נויטיג. דער בר. האט זיך זעהר אויסגעצייכענט אין דעם לעצטען סילק ארבייטער סטרייק, וועלכען ער האט ארגאניזירט און מיט סוקסעס דורכגעפיהרט.

בר. 292 רעדינג, פא., רעפארטעט גוטע ארבייט אין אלע אנגעלעגענהייטען. זיי האבען געשיקט 500 דאלאר פאר'ן רעליעף און נעהמען ארייין נייע מעמבערס. די רעאקציע אין יענער שטאדט איז שטארק, אבער ניט אזוי ווי אנדערשוואו, צוליעב דער שטארקייט פון דער סאצ. פארטיי און דער ארבייטער באוועגונג אין אלגעמיין. זיי זיינען א גרויסע קראפט אין שטאדט און מען מוז זיך מיט זיי רעכענען.

בר. 172 סקרענטאן, פא., רעפארטעט 186 מעמבערס און אין גיכען וועלען זיי אריבערשטייגען 150. די קאנדישאנס אין שטאדט זיינען ניט זעהר גינסטיג פאר גוטע ארבייט. די רעאקציע אין די קוילען געגענדען איז שטארק. דאך זיינען זיי א גרויסער פאקטאר אין אלגעמיינעם לעבען



נאַציאָנאַלע באָארד אָף דירעקטאָרען

ישורון, ד. פייער, בענענזאָהן, ריוונים, שולמאַן, בעלאָוויץ, וויניצקי, אַרקין, רייס, בעצאַהלער, לין, שערמאַן, ריבא, דאָקטער, רובין,
געליעבטער, באַכקין, עפּשטיין, י. ב. ביילין.

וועט זיך דערפון ענטזאגען, וואל דער באשלוס פון ברענטש גוט־געהייסען ווערען.

עס ווערט באשלאסען צו האבען א פארזיצונג פון דעם מיטינג דינסטאג אוונט, דעם 6טען יאנואר.

---

* פארזיצונג פון דעם מאנאטליכען מיטינג פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו פון ארבייטער רינג ווערט אפגעהאלטען דינסטאג אוונט, דעם 6טען יאנואר, מיט פריינד אב. עפשטיין אלס טשערמאן.

## קאמיטעס.

פון ברענטש 51 לאדען איין 2 פארטרעטער צו זייער 15־יעהריגען יובילעאום. ערוועהלט פריינדע אלפערן און קריגסקי.

## רעפארט פון דער נאציאנאלער ארגאניזאציאנס קאמיטע.

פריינד עבעריל, טשערמאן פון דער קאמיטע, בעריכטעט, אז די ברענטשעס איבער'ן לאנד האבען זיך יעצט גענומען מעהר ענערגיש פאר דער ארבייט פון בײדע קאמפיינס.

פריינד עפשטיין איז געוועזען פארטרעטען ביי ברענטש 22, נוי בריטען. זיי האבען געהאט א גרויסע פארזאמלונג אין א גרויסען האל, וואו ער האט זיי אדרעסירט. זיי זיינען געווען זעהר צופרידען וואס מען האט געשיקט צו זיי א פארטרעטער.

פריינד עבעריל און קריגסקי זיינען געווען פארטראטען ביי דער סיטי קאמיטע פון פעטערסאן. דער קאמפף צווישען מעמבערס־ארבייטער און מעמבערס־באסעס, ווערט אלץ שארפער. ניט נאר אין ברענטש 192, נאר אויך אין די איבעריגע ברענטשעס אין פעטערסאן. די ארגאניזאציאנס קאמיטע האט דארום באשטימט דורכצופירען דעם פריהערדיגען באשלוס צום טרענספערירען איניגע מיטגלידער פון ברענטש 192 אלס מעמבערס עט לארדזש.

פריינד דיגעשטיין איז געווען פארטרעטען אין הארטפארד, און האט דארט גערעדט וועגען בײדע קאמפיינס. עס איז אויפ'ן פלאץ געשאפען געווארען $340 פאר אונזער רעליעף פאנד. אויסער דעם, האבען זיי באשלאסען צו רעקאמענדירען, אז זייער טעקס פאר'ן רעליעף זאל פארגרעסערט ווערען פון 1 דאלאר אויף 3 דאלאר פער מעמבער. ער איז אויך געווען ביים באנקעט וואס ברענטש 523 האט ארראנזשירט, און זיי באגריסט אין נאמען פון דער עקזעקוטיוו. זיי האבען געשאפען 150 דאלאר פאר'ן רעליעף.

פריינד יודיטש איז צוריקגעקומען פון זיין טור, וועגען וועלכען עס קען אין קורצען בעריכטעט ווערען פאלגענדעס:

אין אטלאנטא זיינען פארגעקומען אינערליכע סכסוכים צוליעב די צווייספעלטיגקייטען צווישען צוויי מעמבערס. געגען איינעם זיינען געווען קלאגען און ער איז דארום אבדזשעקטעד געווארען צו פארנעמען דעם פלאץ פון סעקרעטער. יעדער צד האט זיך זיינע אנהענגער. די „פשרה" קאמיטע, וואס איז ערוועהלט געווארען פון ברענטש, האט געהאט אריינגעבראכט א רעזאלוציע, אז בײדע זאלען באזייטיגט ווערען פון טעטיגקייט. א צווייטע רעזאלוציע: אז נאר איינער פון זיי זאל באזייטיגט ווערען. פריינד יודיש האט פארגעשלאגען א רעזאלוציע, אז די אבדזשעקשאן געגען דעם באטרעפענדען זאל ארונטערגענומען ווערען אלס ניט באגרינדעט, נאר אז ער זאל אליין פרייוויליג ניט אננעמען קיין אמט ביז די אומצופרידענהייט וועט פארשווינדען. די רעזאלוציע האט געדארפט פארהאנדעלט ווערען ביי א צווייטען מיטינג.

אין טשאטאנוגא האט ער געהאט ניט קיין גוט־באזוכטען מיטינג, ווייל מאנכע מיטגלידער האבען זיך אפגעשראקען פאר דער רעאקציע וואס הערשט דארט, און האבען מורא געהאט צו קומען צום מיטינג. פון טשאטאנוגא איז ער צוריקגעפארען אין אטלאנטא, צו דער ערעפענונג פון דער ארבייטער רינג הויז. די פייערונג פון דער ערעפענונג איז געווען א פראכטפולע. ער האט דארט גערעדט וועגען די מלחמה קרבנות, וועגען ארבייטער רינג, א. ד. גל. דער לאזונג איז געווען: א טאג שכירות פאר די מלחמה־קרבנות. ס'איז גלייך געשאפען געווארען איבער טויזענד דאלאר און זיי פארשפרעכען צו שאפען נאך מעהר.

אין בורמינגהעם, אלאבאמא, און מעמפיס, טענעסי, האט ער געהאט א גוט־באזוכטען מיטינג. ער האט דארט גערעדט וועגען פראגען פון טאג.

אין שרעווספארט, לא., איז ארראנזשירט געווארען א מאסמיטינג, נאר צוליעב דער רעאקציע האט דער האלקיפער ענטזאגט דעם האל, און דער מיטינג איז אפגעהאלטען געווארען אין דער תלמוד תורה. דער מיטינג איז געווען זעהר גוט באזוכט, מאנכע ארטאדאקסישע אידען, וועלכע זיינען אנוועזענד געווען, האבען אויסגעדריקט צופרידענהייט מיט דער טעטיגקייט פון ארבייטער רינג.

אין דאלאס, טעקסעס, האט ער געהאט זעהר א שעהנעם מיטינג. די באגייסטערונג איז געווען א מערקווירדיגע.

אין פארט וואָרטה, טעקסעס, איז/דער ברענטש זעהר אפגעשוואכט, און ער האט קיין אלגעמיינעם מיטינג מיט זיי ניט געהאט. ער האט זיך אבער דורכגערעדט מיט איניגע טוער, און עס איז ערוועהלט געווארען א ספעציעלע ארגאניזאציאנס קאמיטע צו זעהן אויפלעבען דעם ברענטש.

אין וואקא, טעקסעס, האבען איהם כמעט אלע מיטגלידער באגעגענט ביי דער אייזענבאהן סטאנציע. צום מיטינג זיינען געקומען אלע מעמבערס מיט זייערע פאמיליען און זייערע פריינד. דער מיטינג איז דארט געווען זעהר א לעבעדיגער.

אין סאן אנטאניא, טעקסעס, זיינען די פאליציישע באדינגונגען פאר מיטינגען זעהר ניט קיין גינסטיגע, און דער מיטינג איז דארט ארראנזשירט געווארען מיט גרויס שוועריגקייטען.

אין יוסטאן, טעקסעס, האט ער געהאט א מאסמיטינג און אויפ'ן צווייטען טאג אנוועזענד געווען ביי זייער באנקעט. פאר'ן רעליעף האבען זיי קאלעקטירט ארום טויזענד דאלאר. דער ברענטש איז דארט זעהר טעטיג. די באציהונגען פון דער יעצטיגער קהלה צום ברענטש איז א פריינדליכע, נאר זיי קריטירט דאס ניט, און זיי געהען אן מיט זייער ארבייט.

**און ניו־ארלעאנס איז דער ברענטש א שוואכער. פריינד יודיטש**

האט דארט געהאט א מיטינג. די פראגע וועגען אויפלעבען ...
ברענטש איז בארהאנדעלט געווארען, און זיי האבען זאך דיעס צ...
ערוועהלט א ספעציעלע קאמיטע.

אין דזשעקסאנוויל האט ער געהאט א מאסמיטינג, ניט קוקענ...
דארויף וואס דער מיטינג איז ארראנזשירט געווארען בלויז מיט ...
טאג פריהער, איז דאך געווען א שעהנער מיטינג, פול מיט ...
גייסטערונג.

אין סאוואנאה, דזשארדזשיא, האט ער געהאט א מיטינג. ד...
איז דא טראבעל צוליעב דעם סכסוך מיט דעם סעמעטערי דעפא...
מענט וועגען א געוויסען טויטען פאל. ער האט זיי ערקלערט, ...
דיזער סכסוך מוז געשליכטעט ווערען מיט דעם סעמעטערי דעפארטמ...

אין רישמאנד, ווא., האט ער געהאט א מיטינג מיט די מ...
גלידער פון די ארטיגע ברענטשעס און האט גערעדט וועגען א...
מיינע פראגען, און וועגען בײדע קאמפיינס. זיי ווילען ניט באנ...
גען צו דער נארפאלק דיסטריקט קאמיטע. ער האט זיי ערקלערט, ...
נארפאלק איז ניטא קיין אנדער אויסוועג, נאר אויב זיי וועל...
פארגרעסערען זייער מיטגלידערשאפט, און גרינדען נייע ברענטש...
וועלען זיי קענען האבען אן אייגענע דיסטריקט קאמיטע. זיי הא...
אויסגעדריקט אונצופרידענהייט מיט דעם וואהל פאר נאציאנ...
באארד און דירעקטארס, אין וועלכע זיי האבען זיך ניט געווי...
באטייליגען.

אין נארפאלק איז קיין מיטינג ניט אפגעהאלטען געווארען. ...
פיעלע מעמבערס האבען מורא געהאט צו קומען צוליעב דער דיאא...
און די ארעסטען וואס זיינען לעצטענס דארט פארגעקומען.

ברענטש 513 פון נארפאלק האט געהאט אן אונטערנעמונג, ...
זיי האבען קאלעקטירט אריבער 3 טויזענד דאלאר. זיי ערווא...
צו קאלעקטען נאך מעהר, און זיי וועלען די גאנצע סומע צוש...
צום דזשענעראל אפיס. ער האט זיך דורכגערעדט מיט די ארב...
רינג טוער אין נארפאלק, אז זיי זאלען זעהן קומען צו א פ...
שטענדיגם מיט די ברענטשעס אין רישמאנד.

פריינד עבעריל איז געווען פארטראטען ביי ברענטש 119, ...
טאון. אויף זיין אפיעל איז געשאפען געווארען אריבער 200 ד...
פאר'ן רעליעף פאנד. זיי האבען פארשפראכען צו שאפען נאך ...
און צושיקען די גאנצע סומע אין דזשענעראל אפיס.

פריינד עפשטיין און באסקין זיינען געווען פארטראטען ביי...
מאסמיטינג אין באלטימאר, וואו עס זיינען געווען ארום 1800 ...
זען. בײדע האבען דעם מיטינג אדרעסירט. די באלטימאר ...
קאמיטע האפט, אז דער מיטינג וועט ברענגען גוטע רעזולטאטען.
ארגאניזאציאנס קאמיטע האט באשלאסען צו פרעזענטירען דעם ...
רעטער און טשערמאן פון באלטימאר דיסטריקט קאמיטע מיט ...
דענע באטאנס.

די שיקאגא דיסטריקט קאמיטע האט לעצטענס אינסטאלי...
ברענטש 601 פון די אמאלגאמייטעד קלאדהינג װאירקערס. זיי...
ווארטען אז דיזער ברענטש וועט אין קורצען זיין איינער פו...
שענסטע ארגאניזאציאנען פון אילינאי סטייט.

פריינד עפשטיין איז געווען פארטראטען אין נוארק, ביי ...
קאנצערט און מאסמיטינג אין פארבינדונג מיט זייערע בײדע ק...
פיינס. די אונטערנעמונג איז געווען א גרויסער ערפאלג. זיי הא...
קאלעקטירט איבער 600 דאלאר פאר דעם 50 טויזענד דאלאר רעל...
פאנד. די נוארקער דיסטריקט קאמיטע ערווארטעט צו שיקען ...
דאלאר פאר אונזער רעליעף פאנד. ער איז אויך געווען פארטרא...
ביי דעם קאנצערט און מאסמיטינג וואס איז ארראנזשירט געווא...
אין בראנקס, פרייטאג אוונט, דעם 26טען דעצעמבער. די אונט...
נעמונג איז געווען ערפאלגרייך, און פילע האבען געמוזט צוריקגע...
ווייל דער האל איז געווען איבערפילט.

די ארגאניזאציאנס קאמיטע האט באשלאסען נאכאמאל ארויס...
שיקען בריעף צו די ברענטשעס וועגען מעמבערשיפ קאמפיין, א...
רופען נאך א קאנפערענץ אין ניו יארק פון ארבייטער רינג ברענטש...
זיך דורכצורעדען וועגען וויכטיגע ארבייט פאר'ן מעמבערשיפ קאמפ...

## רעפארט פון דער אפיס קאמיטע.

פריינד ישורון, טשערמאן פון דער קאמיטע, באריכטעט, אז ...
מעהר עס וואקסט די מיטגלידערשאפט פון ארבייטער רינג, אלץ מ...
קומען צו רעקארדס און פיילס, אלץ ענגער ווערט אין אפיס. ...
אפיס קאמיטע האט זיך דארום בארעטען מיט פריינד שאפירא, ...
עס קען געטאן ווערען דעם אפיס צו פארגרעסערען. אן ארכיטעק...
איז לעצטענס געווען אין אפיס. ער האט אויסגעמאסטען אלע ...
פארטמענטס, און ער ארבייט אויס א פלאן ווי דער אפיס זאל קע...
פארגרעסערט ווערען. דאס וועט ווארשיינליך זיין פארבונדען ...
ארום 1000 דאלאר אדער 1500 דאלאר הוצאות.

לויט דער אויסטייטשונג פון דעם טשערמאן פון דער נאציאנא...
עקזעקוטיוו, ווערט יעצט געפאדערט אן אפידייוויט וועגען די ריכט...
יאהרען פון אפליקאנטען אין דער עלטער פון 38 ביז 40 יאהר. ...
אפליקאנטען אין דעם אלטער פון 40 ביז 45 יאהר, ווערט אזא א...
דייוויט ניט געפאדערט. די אפיס קאמיטע גלויבט, אז אום צו ...
קאנסעקווענט אין באצוג די אפידייוויטס פון אפליקאנטען וועגען זי...
רע ריכטיגע יאהרען, דארף מען אזעלכע אפידייוויטס פאדערען ...
אלע אפליקאנטען אין דער אלטער פון 38 ביז 45 יאהר. די א...
קאמיטע האט באשלאסען דאס צו רעקאמענדירען צו דער נאציא...
לער עקזעקוטיוו קאמיטע.

א צושריפט איז ארויסגעשיקט געווארען צו די ברענטשעס ...
ערמוטיגען זיי פאר ווייטערדיגער טעטיגקייט, אויפמונטערענדיג ...
ניט צו בלייבען דערשלאגען פון דער רעאקציע וואס הערשט ...
איבער'ן גאנצען לאנד.

די אפיס קאמיטע רעקאמענדירט צו דער נאציאנאלער עקזעקוט...
קאמיטע אפצושאפען די עקזאמינישאנס פון נייע קאנדידאטען, ...
די קאנדידאטען און קאמיטעס וואס קומען מיט זיי, צואווארפען ...
רעקארדס, און דער אפיס ווערט אן אפענער פלאץ, אנשטאט א ...
וואטער אפיס פון דעם ארבייטער רינג.

די שכירות פון די אנגעשטעלטע פון דעם אפיס איז געהעכ...
געווארען לויט די רעקאמענדיישאן פון דער נאציאנאלער עקזעקוט...
קאמיטע, און עס איז ארויסגעצאהלט געווארען בעת ...

...ן דעם 3טען נאָוועמבער, ווי דאָס איז געווען דער פאַרלאַנג פון די ...געשטעלטע.

אַ סאַב קאָמיטע איז ערוועהלט געוואָרען צו אונטערזוכען דעם ...שטאַנד פון יעדען דעפּאַרטמענט אין אָפּיס.

...עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו קויפען באָנדס אויף דער סומע ...ון 40 טויזענד דאָלאַר.

...עס וועט באַשלאָסען צו האַנדלען וועגען דער פראַגע פון אָפּ־...אַפען די עקזאַמינייש'אַנס פון נייע קאַנדידאַטען אין דזשענעראל ...פּיס, נאָך דעם רעפּאָרט וואָס די בענעפיט קאָמיטע וועלכע האָט אויך ...רעקאָמענדיישאָן אין דער פראַגע.

...באַריכט פון דער אָפּיס קאָמיטע ווערט האָן גוטגעהייסען.

...פריינד באַסקין גיט איבער, אַז אונזער ליגעל אַדוויזער האָט ...קלערט דאָס דער אַמענדמענט וואָס איז אָנגענומען געוואָרען דורכ'ן ...צטען רעפערענדום וועגען דער 1000 דאָלאַר פּאָליסי, דאַרף פריהער ...שטעטיגט ווערען פון אַטוירני דזשענעראל פון סטייט, און קען ...רוב נישט איינגעפיהרט ווערען פריהער ווי אין מאָנאַט אַפּריל. עס ...ערט באַשלאָסען צו לאָזען וויסען די ברענטשעס וועגען דעם.

## רעפּאָרט פון דער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע.

פריינד גאַרינסקי, וויס־טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, ...פריינד יאַגאָף האָט זיך אומגעקערט פון זיין לעקטשור טור פון ...נעאַפּאָליס, ווייל ער האָט זיך געפיהלט ניט גוט אין געזונד, און ...האָט ווייטער ניט געקענט פאָהרען. די עדיוקיישאָנאל קאָמיטע ...הרט יעצט פאַרהאַנדלונגען מיט איינגע פערזאָנען וועלכע זאָלען ...ערענדיגען דעם טור אין די שטעדט און שטעדטלאך וועלכע פריינד ...גאָף האָט געזאָלט באַזוכען.

...לעקציעס ווערען אויך אָרגאַניזירט אין פיעלע שטעדט ארום ניו ...ורק און אין ניו יאָרק.

...מאַנכע ביכער פון דער סעריע זיינען שוין אין דרוק און ...עלען אין גיכען ערשיינען.

...צוליעב דעם מאַנגעל אין פּאַפּיער און צוליעב דעם לעצטען ...לבעטער סטרייק, האָט דער „פריינד" ניט געקענט ערשיינען רעגע־...למעסיג.

...נאָכדעם ווי עס ווערען געשטעלט איניגע פראַגען ווערט דער ...פּאָרט פון דער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. בענעפיט קאָמיטע.

פריינד היופּערלינג, וויס־טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, ...וויי האָבען נאָך אַמאָל פאַרהאַנדעלט די פראַגע וועגען אָפּשאַפען די ...זאַמינייש'אַנס פון נייע קאַנדידאַטען אין אָפּיס. נעמענדיג אין אַנ־...באַטראַכט דאָס פון ניו יאָהר זיינען איינגעפירט געוואָרען די $1000 ...ליסיס, און דאָס אין דזשענעראל אָפּיס איז אונמעגליך פאַר דאָק־...טוירים צו געבען אַ גרינדליכע מעדיצינישע עקזאַמינייש'אָן, איז דאַ־...ם באַשלאָסען געוואָרען אָפּשאַפען די עקזאַמינייש'אַנס אין דזשענע־...ל אָפּיס, אָנפאַנגענדיג פון דעם ערשטען פעברואַר 1920, און פאַר ...עקזאַמינייש'אָן אין אָפּיס פון דאָקטאָר זאָל גערעכענט ווערען צו ...דאָלאַר פער קאַנדידאַט. אַראַנדזשמענטס זאָלען אָבער געמאַכט ווערען ...ט די מעדיקאַל עקזאַמינערס צו אונטערזוכען קאַנדידאַטען פון ...אויטסייד וואָס שליסען זיך אָן אַלס ברענטשעס פון אַרבייטער רינג, ...50 סענט פער קאַנדידאַט ביי די דאָקטוירים אין אָפּיס און צו ...דאָלאַר פער קאַנדידאַט פאַר רעעקזאַמינייש'אָן.

קראַנקען בענעפיט ווערט יעצט אויסגעצאָהלט אויף אַ נאָרמאַ־...לען אופן. פאָלגענדע ציפערען צייגען ווי בענעפיטס זיינען אויס־...געצאָהלט געוואָרען פאַר די לעצטע 6 יאָהר אין דעם קוואַרטאַל וואָס ...נעמט ארום די מאָנאַטען אָקטאָבער, נאָוועמבער און דעצעמבער:

פאַר די איבערגעדערמאָנטע 3 מאָנאַטען פאַר 1914 איז אויסגע־...צאָהלט געוואָרען — — — — — — $35,577

| | |
|---|---|
| פאַר 1915 — — — | 34,497 |
| פאַר 1916 — — — | 34,653 |
| פאַר 1917 — — — | 37,713 |
| פאַר 1918 — — — | 99,993 |
| פאַר 1919 — — — | 37,263 |

די מעדיקאַל דעפּאַרטמענט פּלאַנעוועט דורכצופירען אַ סעריע לעק־...ציעס איבער היגיענע אין די פאַרשידענע דיסטריקטען אין ניו יאָרק. ...די דאָקטוירים פון די דיסטריקטען וועלען זיין די לעקטשורער. ...דער מעדיקאַל דעפּאַרטמענט האָט זיך געווענדעט צו דער בענעפיט ...קאָמיטע צו העלפען זיי מאַטעריעל דורכצופיהרען די ...לעקציעס. די בענעפיט קאָמיטע האָט זיך וועגען דעם געווענדעט צו ...נאַציאָנאַלער עדיוקיישאָנעל קאָמיטע, וועלכע האָט באַשלאָסען צו ...בעאַנטראַגען די סיטי עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע פון ניו־...יאָרק צו באַווילינגען אַ געוויסע סומע פאַר דעם צוועק.

פריינד היופּערלינג ערקלערט, אַז די בענעפיט קאָמיטע אַטענדעט ...אויך צו פּריוואַטע־האָספּיטאַל קייסעס, און וואָס עס איז נאָר נויטיג ווערען ...בריעפע געשיקט אין די ברענטשעס צו אונטערזוכען די בענעפיט ...קלאַגען. רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער סאַנאַטאָריום קאָמיטע.

פריינד גוסקין, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז ...גרינבערג, וועלכער האָט געהאַט אויפזיכט אויף די טשיקען פאַרם, ...אַוועק אין ביזנעס, און אויף זיין פּלאַץ איז אַנגעשטעלט געוואָרען ...וויריש, דער באַטרעפענדער איז פאַרהייראַט, און די סאַנאַ־...טאָריום קאָמיטע האָט זיך באַראַטען מיט דר. פיש, צו מען זאָל אַנשטעל־...ען אַ פאַרהייראַטען מענשען, און מאַכען פּלאַץ אין סאַנאַטאָריום ...פאַר איהם און דער פאַמיליע. דר. פיש האָט איינגעווילליגט, גלוי־...בענדיג אַז, פאַרקערט, אַ פאַמיליענמאַן וועט זיך גיכער איינאָרדנען ...און בלייבען אין סאַנאַטאָריום אַ לענגערע צייט. זיין געהאַלט וועט ...זיין 75 דאָלאַר אַ מאָנאַט, אַ חוץ עסען און דירה פאַר איהם מיט ...זיין פאַמיליע.

ברענטש 376 האָט געבעטען אָנצונעמען צוריק די 200 דאָלאַר קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט פאַר איהרען אַ מעמבער, און אַריינגעמען איהם אין סאַנאַטאָריום. דער רעקאָרד פון דעם באַטרעפענדען צייגט, אַז די 200 דאָלאַר קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט איז צו איהם אויסגעצאָהלט געוואָרען דעם 14טען מאַי, 1919, אַזוי ווי דער פאַרלאַנג פון ברענטש איז אַריינגעקומען אין דעצעמבער, האָט מען זיי געענטפערט, אַז נאָך 6 מאָנאַטען קען מען די קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט ניט אומקערען אום אַריינגענומען צו ווערען אין סאַנאַטאָריום.

אַלע פאָרבערייטונגען ווערען געמאַכט פאַר דעם קאָנצערט אין מאַנהעטען אָפּערא הויז, אויף זונטאַג נאָכמיטאַג, דעם 8טען פעברואַר, צו פייערען דעם 10טען יעהריגען יובילעאום. טיקעטס צו דיזע אונטערנעמונג זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרען צו די ברענטשעס. עס זיינען דאָ אַלע אויסזיכטען אַז די אונטערנעמונג וועט זיין אַן ערפאָלג אי אין פינאַנציעלען אי אין מאָראַלען זין. דער גאַנצער פּראָפיט פון דעם קאָנצערט וועט געהן פאַר דעם 50 טויזענד דאָלאַר פאָנד פאַר די מלחמה קרבנות.

לעצטע וואָך איז געווען טראָבעל מיט דעם וואַסער. מאַנכע פּייפּס זיינען פאַרפראָרען געוואָרען, און עס איז געווען אַ סכנה אַז דער סאַניטאַריום זאָל בלייבען אָהן וואַסער. פריינד דרווישפּיעל איז גלייך אַרויסגעפאָהרען אין סאַניטאַריום, און אַזוי ווי עס איז דאָרט אויך גראָדע געווען אַ מענש, אַרויסגעשיקט פון ניו יאָרק, צו פיקסען די סטים און עס־צימער, האָט פריינד דרווישפּיל צוזאַמען מיט יענעם אויסגעפונען דעם פּלאַץ וואו די פּייפּ איז געווען געפראָרען, און אַלעס איז געפיקסט געוואָרען אין צייט.

דר. מיטשעל, דער אסיסטענט דאָקטאָר, האָט רעזיגנירט, און זיין רעזיגנאַציאָן איז אָנגענומען געוואָרען. די מעדיקאַל עדוויזאָרי באָאַרד זוכט יעצט אַ צווייטען אסיסטענט דאָקטאָר צו פאַרנעמען זיין פּלאַץ.

נאָך אַ באַראַטונג מיט פריינד י. ב. בוילין, רעדאַקטאָר פון „פריינד", איז באַשלאָסען געוואָרען אַז דער פעברואַר נומער „פריינד" זאָל זיין ספּעציעל געווידמעט צום 10־יעהריגען יובילעאום פון אונזער אינסטיטוציאָן. דאָרט וועלען אַריינגעהן ספּעציעלע אַרטיקלען, בילדער און ציפערען וועגען סאַניטאַריום, ווי אויך די נעמען פון אַלע פּאַציענטען וואָס זיינען געווען אין סאַניטאַריום זינט ער עקזיסטירט און ד. גל.

אויפ'ן טאָגעסאָרדנונג שטעהט די פראַגע: נאָמינייש'אָן פאַר דזשענעראַל און רעקאָרדינג סעקרעטערים. עס ווערט באַשלאָסען צו ערוועהלען אַ נאָמינייש'אָן קאָמיטע, וועלכע זאָל רעפּאָרטען צום נעקסטען מיטינג. אין דער קאָמיטע ווערען ערוועהלט פר. עפּשטיין, גוסקין, יודיטש, ישורען און קראָפּ.

פ. געליעבטער, רעקאָרדינג סעקרעטער.

דער רעגולער מאָנאַטליכער מיטינג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע פון אַרבייטער רינג ווערט ערעפענט זונטאַג, דעם 1טען פעברואַר, אום 10:30 פריה מיט פריינד עפּשטיין אַלס טשערמאַן.

### צושריפטען

פון בר. 206, לאַדען איין צו שיקען 2 פּאַרטרעטער צו זייער יעהרליכען באַנקעט, וואָס וועט שטאַטפינדען דעם 8טען פעברואַר. ערוועהלט פריינדע אַלפּערין און העכהעל.

פון דער „נעטשוראַליזיישאָן אייד ליגע", לאַדען איין צו שיקען 2 דעלעגאַטען צו זייער 11טען יעהרליכען קאָנפערענץ, אויף זונטאַג דעם 1טען פעברואַר. ערוועהלט פריינדע קרינסקי און אַלטמאַן.

פון די „פרייע אַרבייטער שטימע", לאַדען איין צו שיקען אַ קאָמיטע צו זייער יעהרליכען בויערען באַל, וואָס וועט שטאַטפינדען דעם 27טען פעברואַר. באַשלאָסען אָנצונעהמען די איינלאַדונג.

פון בר. 119, פּאַטשאָג, בעטען צו שיקען אַ פּאַרטרעטער צו זייער יאָהרעספייער, וואָס זיי אַראַנזשירען דעם 22טען פעברואַר, לכבוד זייער 13 יאָהריגען עקזיסטענץ. ערוועהלט פריינד אַלטמאַן.

פון בר. 214. זיי פאָדערען אויף די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו צו ברינ־גען צו דער קומענדער קאָנווענשאָן פון א. ר. די פראַגע וועגען שאַפען אַן איינענע היים. עס ווערט באַשלאָסען זיי ענטפערען אַז די פראַגע שטעהט אויף'ן טאָגעס אָרדנונג, און אַז די עקזעקוטיווע וועט וועגען דעם האַנדלען ביי אַ שפּעטערדיגען מיטינג.

פון מאַונט סייניי האָספּיטאַל. זיי דריקען אויס אַ דאַנק פאַר די $300 וואָס זיינען באַווילינגט געוואָרען אַלס יעהרליכער ביישטייערונג צו זייער האָספּיטאַל. עהנליכע דאַנקבריעף ווערען אויך פאָרגעלעזען פון בית ישראל האָספּיטאַל פאַר באַווילינגען $600.00 אַלס יעהרליכע ביישטייערונגען, און אויך פון „דזשואיש האָום פאַר קאָנוואַלעסענט" פאַר באַווילינגען $200 פאַר זייער אַנשטאַלט.

* * *

עס ווערט באַשלאָסען צו שיקען אַ בוקעט בלומען פאַר פר. ל. ראָטהמאַן, וועלכער איז ערנסט קראַנק.

### באַריכטען

פר. אַלפּערין באַריכטעט, אַז פר. יאַקאָבי און ער זיינען געווען פּאַרטרעטען ביים יובילעאום פון בר. 4 וואו ס'זיינען אַנוועזענד געווען אַלע מיטגלידער פון בר. און אויך פיעלע איינגעלאַדענע געסט. זיי האָבען באַגריסט דעם ברענטש אין נאָמען פון דער עקזעק. ביי דער געלעגענהייט האָט בר. 4 געזאַמעלט $600 פאַר'ן רעליעף. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. אַלטמאַן באַריכטעט, אַז ער איז געווען פּאַרטראַטען ביי בר, 199, ער האָט דאָרט גערעדט וועגען רעליעף, און זיי האָבען קאָלעקטירט אַרום $700. דער בר. וועט צושיקען צום דזשענעראַל אָפּיס אַ טשעק אויף $1000. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. האַסקעל באַריכטעט, אַז ער איז געווען פּאַרטראַטען ביי בר. 87. ער האָט זיי באַגריסט אין נאָמען פון דער עקזעקוטיווע. זיי האָבען געזאַמעלט $400 פאַר דעם רעליעף פאָנד. זיי האָבען גלייך איבערגעגעבען אין דזשענעראַל אָפּיס אַ טשעק אויף דער סומע. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. עכעריל באַריכטעט, אַז ער איז געווען פּאַרטראַטען ביי בר. 351, און האָט צו זיי גערעדט וועגען בייטרעג קאַמפּיין. זיי האָבען קאָלעקטירט $50 פאַר'ן א. ר. רעליעף פאָנד, און פון פריהער האָבען זיי געהאַט פאַר דעם צוועק $80.00. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. קרינסקי באַריכטעט, אַז פר. אַלפּערין און ער זיינען געווען פּאַרטראַטען ביי בר. 51. זיי האָבען קאָלעקטירט $10.00 פאַר'ן פּאַרטיידיגונגס פאָנד פון די אויסגעשלאָסענע אַמאַלגאַמייטעד לייט. דער בר. וועט ביישטייערען $150 פאַר'ן א. ר. רעליעף פאָנד. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. אַלטמאַן באַריכטעט, אַז ער איז געווען אין פּאַסייק, און אָרהעסירט דאָרט זייער מאַס־מיטינג. די מיטגלידער פון א. ר. אין פּאַסייק זיינען נאָך

באריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. קלוטש באריכטעט, אז פר. עפשטיין און ער זיינען געווען פארטראטען ביי דער נויארק טעריטאריען קאנפערענץ צו שטימען איבער נאָמינירטע דעלעגאטען פאר דער קאנווענשאן. אין דער פראגע צי די דעלעגאטען זאלען גלייך ערוועהלט ווערען ביי דער קאנפערענץ אדער דורך א רעפערענדום, זיינען געווען מיינונגספארשידענהייטען. די קאנפערענץ האט מיט 88 שטימען געגען 42 באשלאסען אז די דעלעגאטען זאלען אויפ'ן פלאץ ערוועהלט ווערען.

פר. עפשטיין דענקט אז ס'איז ניט געווען טאקטיש פון דער קאנפערענץ דורכצופירען אז מען זאל אויפ'ן פלאץ שטימען פאר די דעלעגאטען, ווייל די לעצטע עטליכע יאהר זיינען דעלעגאטען ערוועהלט געווארען דורך א רעפערענדום אפשטימונג. ער זאגט אז די האנדלונג פון דער קאנפערענץ איז געווען געזעצליך לויט אונזער קאנסטיטושאן, אבער ניט טאקטיש. דער באריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. אלפערט באריכטעט, אז ער איז געווען פארטראטען ביי דער ברוקלינער טעריטאריען קאנפערענץ. זיי האבען באשלאסען צו אינסטרואירען זייערע דעלעגאטען צו דער קאנווענשאן, צו ארבייטען דערפאר אז אלע עקס פאציענטען וואס זיינען געווען אין סאניטאריום בלויז 6 מאנאטען, זאלען זיין בארעכטיגט צו נאך 3 מאנאטען. זיי האבען אויך ערוועהלט א קאמיטע פון 3 וועלכע זאלען זיך ווענדען וועגען דעם צו דער סאניטאריום קאמיטע. די קאנפערענץ האט באשלאסען אז די נעמען פון די קאנדידאטען זאלען געשיקט ווערען צו א רעפערענדום אפשטימונג. פר. אלפערט ערקלערט אז פר. ה. אשינסקי פון בר. 4 האט ביי דער קאנפערענץ זיך אויסגעדריקט אז די עקז. נעמט אלע מאל אן די נויטיגע מיטלען צו זעהן, אז ברוקלינער זאלען ניט ערוועהלט ווערען אלס דעלעגאטען צו דער קאנווענשאן; אז עס מאכט ניט אויס ווי אזוי די אבשטימונג איז, די באלאטס ווערען שוין פון דער עקזעקוטיוו געפיקסט.

עס ווערט באשלאסען אנצוקלאגען פר. אשינסקי אין בר. 4 פאר מאכען ליבעלען די נאצ. עקז. קאמ. פר. דינערשטיין און אלפערט ווערען ערוועהלט אלס קאמיטע צו מאכען דיזע קלאגע אין נאמען פון דער עקזעקוטיוו. באריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. קרינסקי באריכטעט אז די עקז. קאנווענשאן קאמ. האט לעצטען מיטוואך געהאט א מיטינג מיט פארטרעטער פון דער נוארק קאנווענשאן קאמ. מען האט זיך דורכגערעדט וועגען אלע פארבערייטונגען פאר דער קאנווענשאן, ווי אויך וועגען די אויסגאבען וועלכע די עקז. וועט דארפען דעקען. — באריכט גוטגעהייסען.

פר. אלפערט ערקלערט אז די נוארק קאנווענשאן קאמ. פארלאנגט א בילדער־גרופע פון דער נאצ. עקז. עס ווערט באשלאסען אז אלע עקז. מיטגלידער זאלען נעמען פאטאגראפיעס און צושיקען אזא בילד צו דער נוארק קאנווענשאן קאמ.

פר. האפקעל באריכטעט אז ער איז געווען פארטראטען ביי דעם יובילעאום פון בר. 206, וועלכער איז געפייערט געווארען דורך א באנקעט און רייכען קאנצערט. ס'איז ביים באנקעט געשאפען געווארען 500 דאלער פאר'ן רעליעף. פר. עפשטיין, וועלכער איז אויך געווען ביי דיזען באנקעט, זאגט צו אז די אקטיוויטעטען פון בר. זיינען פרעזענטירט געווארען מיט פראכטפאלע פרעזענטען, וואס האט געצייגט, אז דער בר. שעצט אפ די ארבייט פון זייערע טעטיגע מעמבערס. — באריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. אלטמאן באריכטעט אז ער איז געווען פארטראטען ביי בר. 119 פאטשאג. כמעט אלע אידישע פאמיליעס פון שטעדטעל באלאנגען צום בר. ער האט זיי אדרעסירט אין נאמען פון דער נאצ. עקז. קאמיטע. — באריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. דינערשטיין באריכטעט, אז די פייערונג פון דעם 10־יעהריגען יובילעאום אין סאניטאריום איז געווען אן אייגדרוקספולע. דער קאנצערט איז געווען דער רייכסטער וואס איז ארגאנזירט געווארען פאר די לעצטע עטליכע יאהר. די סאנ. קאמ. האט געמאכט אלע נויטיגע ארענדזשמענטס, אז דאס זאל זיין אן אמת גרויסער יום־טוב, און די שטימונג וואס האט דארט געהערשט וועט זיכער ביי אלע, וואס זיינען אנוועזענד געווען, פארבלייבען אין זכרון אויף א לאנגע צייט.

פר. עפשטיין נים צו צום רעפארט, אז אין נאמען פון דער עקז. איז אויסגעדריקט געווארען א דאנק צו די דאקטוירים וואס זיינען געווען און זיינען פארבונדען מיט'ן סאניטאריום: צו דר. ראיעווסקי, דר. סינגער, דר. ראזענבערג, דר. פיש, און דר. האלפערן. ער זאגט, אז דאס איז געווען אן אמת'ער יום טוב וואס האט געשאפען פארגעניגען סיי די פאציענטען, סיי די געסט. — באריכט ווערט גוטגעהייסען.

### ק א מ י ט ע ס.

פון ברענטש 225. — בעטען צו שיקען א פארטרעטער צו זייער מיטינג דעם 28טען מערץ, ווען עס וועט אינסטאלירט ווערען דער 500סטער מעמבער. ערוועהלט פר. עפשטיין.

פון בר. 280. — פארלאנגען צו ערלויבען זייער בר. אנצונעהמען דעם נאמען „מאקס פערלאָוויץ ברענטש 280". עס ווערט באשלאסען זייער פארלאנג צו באוויליגען. דער טשערמאן, פר. אב. עפשטיין ערקלערט, אז דער באשלוס בלייבט אבער ניט קיין פרעצעדענט און די עקז. קאמ. וועט אין יעדען ענליכען פאל האנדלען באזונדער.

פון דער ניו־יארק סיטי קאמיטע. — זיי ערקלערען אז זיי ארבייטען פאר'ן ארב. רינג היים, און בעטען אז די עקז. זאל די פראגע פארהאנדלען און ברענגען א באשטימטען באשלוס צו דער קאנווענשאן. דער טשערמאן ערקלערט צו די פארטרעטער פון דער ארגאניזאציאנס קאמ. אז די נאצ. ארג. קאמ. האט א גינסטיגע רעקאמענדאציע וועגען דער פראגע.

פון פעטערסאן פיפלס רעליעף. — פר. ליפשיץ, אלס פארטרעטער, פרעזענט וואס איז באשלאסען געווארען אין באצוג צו העלפען אויפלעבען זייער רעליעף ארבייט. דער טשערמאן ערקלערט, אז די פראגע איז איבערגעגעבען געווארען צו דער פעטערסאנער דיסטריקט קאמ., וועלכע איז געבעטען געווארען צו העלפען זיי אין דער טעטיגקייט.

פון בר. 338. — פארלאנגען א רעדנער צו זייער רעליעף מיטינג היינט נאכמיטאג. ערוועהלט פר. גאלינסקי.

### ר ע פ א ר ט פ ו ן ד ע ר נ א צ. א ר ג א נ י ז א צ. ק א מ.

פר. דינערשטיין, טשערמאן פון דער קאמ., באריכטעט, אז די נאציאנאלע ארגאניזאציאנס קאמ. האט עטליכע מאל געהאט פארטרעטער ביי די מיטינגען פון בר. 202. דאס לעצטע מאל, ווען פר. עפשטיין און עבריל זיינען ווארטען געווען פארטראטען, האבען א געוויסע צאהל מעמבערס געשטערט דעם מיטינג, און עפענטליך ערקלערט אז זיי וועלען ניט לאזען מיטען. נעהמענדיג אין אנבעטראכט, אז דער זעלבער עלעמענט שטערט די מיטינגען און די אקטיוויטעט פון בר., האט די נאצ. ארג. קאמ. דעם ברענטש אויפגעלעזט, און א נייער בר. ווערט יעצט ריארגאניזירט מיט דער הילף פון דער פעטערסאן דיסטריקט קאמ. דיזער נייער בר. וועט אינסטאלירט ווערען שבת דעם 13טען מערץ.

מאנכע סיטי און דיסטריקט קאמיטעס, ווי אויך איינצעלנע מעמבערס, מאכען יעצט יעדע אנשטרענגונג צו העלפען אין דער ארבייט פון דער מעמבערשיפ קאמפיין. אזוי, צום ביישפיל, האט די מאנטריאל דיסטריקט קאמ. זיך פארפליכטעט צו שאפען 500 נייע מעמבערס. די באלטימאר דיסטריקט קאמ. ארבייט צווישען דעם יונגען עלעמענט, און ערווארטעט ארייצוקריגען ביז דער קאנווענשאן ארום 200 נייע מעמבערס. בר. 90 פון טרענטאן, נ. דזש., פיהרט אן אן ענערגישען קאמפיין פון נייע מיטגלידער, און זיינער אמביציע איז צו האבען 500 מעמבערס צו זייער 15־יעהריגען יובילעאום, וואס וועט געפייערט ווערען דעם 14טען מערץ.

פר. דינערשטיין באריכטעט וועגען זיין טור פאלגענדעס:

מאנטאג דעם 5טען יאנואר איז ער געווען אין טאלידא. דער מיטינג איז דארט געווען ניט גוט באזוכט, ווייל פיעלע זיינען אומצופרידען מיט דער ענטשיידונג פון דער נאצ. גריוועגס קאמ. אין באצוג דער קייס פון בר. 155. ס'איז אנגעהייטעט געווארען, אז די 2 וועלכע האבען אפעלירט צו דער גריוועגס קאמ. זיינען געווען מיטגלידער פון דער סאציאליסטישער פארטיי, און זיי האבען געדארפט זיין די לעצטע צוריקצוגעהן ארבײ[illegible] אין דער צייט פון א סטרייק. ער האט זיי ערקלערט די שטעלונג פון דער עקז. קאמ. בנוגע דער פראגע. פר. דינערשטיין האט ביי יענעם מיטינג אויך גערעדט וועגען ביידע קאמפיינס.

דעם 6טען יאנואר איז ער געווען אין שיקאגא. דעם זעלבען אוונט איז גראדע ארגאנזירט געווארען 2 מיטינגען, מיט 10 סענט איינטריט געלד, וואו פר. זאצמאן און ער האבען געזאלט רעדען. ער (פר. דינערשטיין) האט ערקלערט, אז ער איז געקומען מיט דער אבזיכט דורכצורעדען זיך מיט די ארב. רינג מיטגלידער, און דער מיטינג דארף זיין פריי, איינטריטס געלד. זיין מיטינג איז געווען גוטבאזוכט, און ער האט דארט גערעדט וועגען דעם ארב. רינג און וועגען דער צוקונפט פון זייער טעטיגקייט. שיקאגא טוט בכלל גוטע ארבייט, און זיי האבען פארשפראכען צו. מאן ראט בעסט אין דער נאהענטער צוקונפט צו העלפען דער [illegible] אין דער ארבייט פון ביידע קאמפיינס.

דעם 7טען יאנואר איז ער געווען אין מילוואקי, און אדרעסירט א דזשאינט מיטינג וועלכער איז געווען גוט באזוכט. פון די באריכטען צייגט זיך ארויס, אז די ברענטשעס פון זייערע דיסטריקטס זיינען א טעטיג. ער האט אויך געהאט א מיטינג מיט דער נייער דיסטריקט קאמ. וועלכע ער האט דאן אינסטאלירט. די מילוואקי דיסטריקט קאמ. באטייליגט זיך אין אלע וויכטיגע געזעלשאפטליכע פראגען, באזונדערס צייכענען זיך אויס אויף דעם געביעט פון רעליעף ארבייט.

דעם 9טען יאנואר איז ער געווען אין דולוטה, מינ. דער סכ[illegible] זיי האבען געהאט מיט דער געוועזענעם סעקרעטער איז שוין פארענדיגט געווארען. די איינגערע מעמבערס באקלאגען זיך דארט, אז די עלטערע מעמבערס דערלאזען זיי ניט צו אירגענד וועלכע פאראנטווארטליכקייט. פר. דינערשטיין האט זיי ערקלערט, אז מען דארף זעהן ארייצוציען אין דער ארבייט דעם איינגערען עלעמענט.

דעם 10טען יאנואר האט ער אדרעסירט א דזשאינט מיטינג אין פאול. ער האט גערעדט דארטען וועגען די אויפגאבען פון ארב. רינג, וועגען ביידע קאמפיינס. זיי וואלטען געקאנט טאן א סך מעהר ארבייט; זיי וואלטען זיך ניט ארומגעריסען צווישען זיך. עס איז פארגעקומען מיספארשטענדניס צווישען דער דיסטריקט קאמ. און דער ארטיגער ליידיעס אוקזילערי, וועלכע טוט גוטע ארבייט פאר'ן ארב. רינג. עס האט געהאנדעלט וועגען דעם, צי די ליידיעס אוקזילערי זאל זיין פארטרעטען ביי דער דיסטר. קאמ. אדער די דיסטר. קאמ. זאל זיין פארטראטען אין די ליידיעס אוקזילערי. ער (פר. דינערשטיין) גלויבט, אז איהם געלונגען אויסצוגלייכען די מיספארשטענדניס.

דעם 11טען יאנואר האט ער אדרעסירט א גוט באזוכטען מיטינג אין מינעאפאליס. זיי האבען פארשפראכען צו טאן גוטע ארבייט אין דער צוקונפט.

דעם 12טען יאנואר איז ער געווען אין סיו סיטי, און אדרעסירט ביי א מיטינג. ער האט דארט גערעדט וועגען דעם מעמבערשיפ קאמפיין ווי אויך וועגען דעם קאמפיין צו שאפען 50 טויזענד דאלאר פאר מלחמה קרבנות. די א. ר. מיטגלידער זיינען יעצט דארט טעטיג צו שאפען אן איינענעם לייבאר לייסעאום. בכלל טוען אונזערע ברענטשעס גוטע ארבייט.

דעם 13טען יאנואר איז ער געווען אין אמאהא, נעב., און גערעדט ביי א דזשאינט מיטינג פון ביידע ברענטשעס. ער האט אויך אינסטאלירט דעם נייעם בר. 626. דיזע נייע ארגאניזאציע באשטעהט פון אן אנגענעמען עלעמענט, וועלכער פארשפרעכט צו זיין א גוטער בר. אין נאהענטער צוקונפט.

דעם 14טען יאנואר איז ער געווען אין לינקאלן, נעב. ער האט דא אויך גערעדט וועגען ביידע קאמפיינס, און וועגען ווייטערדיגע ארבייט. זיי זיינען צופרידען מיט דער דיסטר. קאמ. צו וועלכער זיי באלאנגען.

דעם 15טען יאנואר איז ער געווען אין סט. דזשאזעף, מא. צוליב דער יעצטיגער רעאקציע איז דער מיטינג ניט געווען גוט באזוכט. ער האט זיך דורכגערעדט מיט די טוערס פון בר. און זיי האבען פארשפראכען צואווענדען אלע קרעפטען דעם בר. אויפצולעבען, און צו נעהמען זיך צו דער ארבייט פון פארגרעסערען זייער מעמבערשיפ.

דעם 16טען יאנואר איז ער געווען אין קענזאס סיטי. אונטער אומשטענדען טוען זיי יעצט גוטע ארבייט. דארט איז געווען א [illegible] וועגען דעם וואס מען ערלויבט ניט פרויען, 3טע קלאס מעמבערס, צו זיין מיטגלידער אין דער בר. עקזעקוטיוו. די נאצ. ארג. קאמ. האט געשיקט צום בר., אז זיי זאלען באשטימען א געוויסע לאקאלע רוים פאר 3טע קלאס מעמבערס, וועלכע זאלען קענען צוגעצויגען ווערען צו טאן בר. ארבייט.

זונטאג דעם 18טען יאנואר איז ער געווען אין סט. לואיס. ביי טאג האט ער אדרעסירט א דזשאינט מיטינג פון די ארטיגע מיטגלידער א. ר. אין אווענט האט ער באגריסט די פארזאמלונג ביי דעם לעקטשער פון ש. ניגער.

דעם 19טען יאנואר איז ער געווען אין אינדיאנאפאליס, וואו ער האט גערעדט ביי א דזשאינט מיטינג. ביידע ברענטשעס טוען גוטע ארבייט. בר. 187 איז אונצופרידען דערמיט וואס עס ווערט ניט דורכגעפיהרט דער באשלוס פון בר. 175, אז זייערע שטראפירטע מעמבערס זאלען די שטראף באצאהלען.

דעם 20טען איז ער געווען אין קאלאמבוס, אהייא. צום מיטינג זיינען געקומען אלע מעמבערס פון א. ר. און מיטגעבראכט פיעלע פון זייערע פריינד. דער בר. טוט גוטע ארבייט אויפ'ן פעלד פון רעליעף טעטיגקייט. זיי האבען זיך געטעקסט מיט 1 דאל. פער מעמבער פאר דעם א. ר. 50 טויזענד דאלאר רעליעף פאנד. דער בר. איז איינער פון די ערנסטע אין יענעם געגענד.

אין פיטסבורג האט ער מיטוואך, דעם 21טען יאנואר געהאט א דזשאינט מיטינג מיט בר. 250, און מיט דעם ליידיעס בר. 104. זיי האבען פארשפראכען צו טאן גוטע ארבייט אין דער נאהענטער צוקונפט.

דאנערשטאג, דעם 22טען יאנואר איז ער געווען ביים מיטינג פון בר. [illegible] פיטסבורג, און גערעדט וועגען ביידע קאמפיינס. בר. 45 באטייליגט זיך אין יעדע וויכטיגע געזעלשאפטליכע ארבייט. אויסער דעם לייבאר לייסעאום איז יעצט דארט געשאפען געווארען א קא־אפעראטיווע גראסערי, וועלכע געבט פיעל צייט ביי אונזערע מיטגלידער.

דעם 23טען יאנואר איז ער געווען אין ניו קענסינגטאן, פא. און האט זיי גערעדט וועגען דעם קאמפיין פאר נייע מיטגלידער, ווי אויך וועגען דער 50 טויזענד דאלאר רעליעף פאנד.

פר. דינערשטיין ערקלערט, אז אין פיעלע שטעדטלאך איז איהם אויסגעקומען צו רעדען וועגען די ארבייטער רינג שולען. ווען ניט דער מאנגעל אין לערער, וואלטען א מאסע שטעדטלאך געגרינדעט נאך נייע שולען.

די א. ר. ברענטשעס איבער'ן לאנד באטייליגען זיך אקטיוו אין געזעלשאפטליכע אונטערנעמונגען. אונזערע ברענטשעס האבען גענומען א טעטיגען אנטייל אין פראטעסט מיטינגען געגען פאגראמען, שטיצען יוניאנס און אלע ראדיקאלע אונטערנעהמונגען. זיי זיינען די הויפט טוער און א מאל די איניציאטארס אין דער רעליעף ארבייט. וועגען ניט די רעאקציע

נענוי מיט די ציעלען און פראגראם פון די קינדער שולען.

א גרויסע צאהל נומערן פון „פריינד" זיינען שוין געווען אפגעדרוקט ווען מען האט זיך ארומגעזעהן, אז ס'זיינען געווען עטליכע אונפארצייליכע מיסטייקס. עס איז איינגעקומען דעם „פריינד" איבערצודרוקען, וואס איז פארבונדען מיט עקסטרא אויסגאבען פון ארום $500.

די מוזיק שולען, דער א. ר. מענדאלין ארקעסטער, ווי אויך דער א. ר. כאר געפינען זיך אין א גוטען צושטאנד.

די פרייע איידישע פאלקס ביהנע טוט גלענצענדע ארבייט. זי גיט פארשטעלונגען, אויך פארלעזער און דעקלאמאטארס פאר א. ר. ארגאניזאציעס אין ניו יארק און אין אנדערע ארומיגע שטעדט.

דער א. ר. כאר איז זונטאג דעם 29טען פעברואר אינסטאלירט געווארען אלס א ברענטש פון א. ר. — אלס בר. 625, מיט א מעמבערשיפ פון 28.

צוליעב דעם מאנגעל אין פאפיער, און צוליעב די הויכע פרייזען פון דרוקעריי א. ה. ג., איז באשלאסען געווארען, אז דער מאי נומער „פריינד" זאל ענטהאלטען בלויז 64 זייטען, און פאר די מאנאטען מערץ און אפריל זאל ארויסגעגעבען ווערען 1 נומער פון 48 זייטען. די עדיוקיישאנאל קאמ. בעט ראדום אלע באטרעפענדע קאמיטעס צו פאסען זיך קורץ אין זייערע קאנווענשאן רעפארטס.

עס איז באשלאסען געווארען צו רופען 2 קאנווענשאנס פון די א. ר. שולען. ביי דיזע קאנווענשאנס זאלען זיין אלע לעהרער און אויך פארטרעטער פון די פארוואלטונג פון די שולען. 1 קאנווענשאן וועט זיין אין די איסט, אין ניו יארק; — און די צווייטע קאנווענשאן וועט זיין אין די וועסט, און וועט אפגעהאלטען ווערען אין שיקאגא.

עס האט זיך לעצטענס נעגרינדעט אן ארגאניזאציע אונטערן נאמען „די סקול קאמיוניטי עדיוקיישאן". באוואוסטע פעדאגאגען שטעהען אן דער שפיצע פון דער ארגאניזאציע, און וועמעס ציעלען איז צו מאדיפיצירען די יעצטיגע סיסטעם, אונטער וועלכע מען פלאנצט איין אין די קינדער די רעאקציאנערע באגריפען. די עדיוקיישאנאל קאמ. האט זיי געענטפערט אז מיר זיינען אין סימפאטהיע מיט זייערע פלענער, און פארלאנגט פון זיי מעהר אינפארמאציע וועגען זייער טעטיגקייט.

עס ווערט באשלאסען צו האבען בלויז איין קאנווענשאן פון א. ר. שולען. רעפארט פון דער עדיוק. קאמ. ווערט גוטגעהייסען.

### רעפארט פון דער נאצ. בענעפיט קאמ.

פר. יאקאבי, טשערמאן פון דער קאמ. באריכטעט, אז זיי האבען פארהאנדעלט די פראגע וועגען באווילינען א געוויסע סומע פאר די האספיטאלס אין די גרעסערע שטעדט אויסער ניו יארק. נאכדעם ווי זיי האבען זיך דורכגעשריבען מיט די דיסטריקט קאמיטעס איז באווילינט געווארען בייצושטייערן יעהרליך פאלגענדע סומען:

| | |
|---|---|
| פאר נוארק בת ישראל האספיטאל — — — — | $200 |
| פאר ראטשעסטער דזשענעראל האספיטאל — — | $100 |
| פאר ראטשעסטער האמאפאטיק האספיטאל — — | $100 |
| באלטימאר היברו האספיטאל — — — — — | $200 |
| פעטערסאן בארנעט האספיטאל — — — — | $200 |
| פאר שיקאגא—מיקעל רעיס האספיטאל — — | $250 |
| פאר שיקאגא מט. סייניי האספיטאל — — — | $150 |
| פאר שיקאגא ווינפיעל סאניטאריום — — — | $100 |

פר. יאקאבי ערקלערט, אז צוליעב די אינפלוענציע וועט דער סוירפלוס פון סיק בענעפיט פאנד אויפגעגעסען ווערען צו ענדע פון דיזען קווארטאל. עס איז שווער ביי דעם יעצטיגען מאמענט צו זאגען וויפיעל בענעפיט עס וועט אויסגעצאהלט ווערען. נאר אורטיילענדיג פון די היבשע צאהל סיק סערטיפיקייטס וואס קומען אריין יעדען טאג, קען מען זיך פארשטעלען, אז אין פערלויף פון קווארטאל וועט אויפגעגעסען ווערען עקסטרא 25—30 טויזענד דאלאר. עס איז אבער זיכער, אז דער פאנד איז גענוג שטארק און ער וועט דאך בלייבען מיט א געוויסען סוירפלוס. — רעפארט ווערט גוטגעהייסען.

## י. באסקין און פ. געליעבטער ווידער ערוועהלט

פריינד נוסקין באריכטעט, פון דער סעקרעטער נאמינייישאן קאמ., אז זיי האבען געהאט א מיטינג און זיך דורכגערעדט מיט ביידע סעקרעטערע.

פר. י. באסקין און פ. געליעבטער ווערען ווידער ערוועהלט אויף א יאהר צייט, דער ערשטער אלס דזשענעראל סעקרעטער, דער צווייטער אלס רעקארדינג סעק.

### סעקרעטער'ס רעפארט

פר. באסקין באריכטעט, אז אין דער צייט פון דער אינפלוענציע האבען דאקטוירים באזוכט 238 קראנקע וואס האבען אפגערופען דעם אפיס. אין מאנכע אויסערגעוועהנליכע פעלע זיינען נוירסעס געשיקט געווארען צו די קראנקע אויף עטליכע טעג. די אויסגאבען פאר ניו יארק האבען באטראפען $756.83. דיזע ארבייט אין דער צייט פון דער אינפלוענציע איז געטאן געווארען פון דעם מעדיקאל דעפארטמענט אויף א זעהר צופרידענשטעלענדען אופן.

אויך שיקאגא און הארטפארד פארלאנגען אז מיר זאלען בייזשטייערן צו די אויסגאבען וואס זיי האבען געהאט אין דער צייט פון דער אינפלוענציע. דער אפיס האט ביי זיי געבעטען זיי זאלען אנגעבען די הוצאות וואס זיי האבען געהאט. זיי האבען פארלויפיג ניט געענטפערט.

אין אפיס איז ביז איצט ערהאלטען געווארען פאר דעם רעליעף פאנד $47,881.45, פון דער סומע זיינען שוין איבערגעשיקט געווארען געלדער דורך די לאנדסלייט רעליעף קאמיטעען די סומע פון $6716.73. דאס הייסט, אז אין אפיס איז געבליבען א באלאנס פון $41,164.72.

פר. באסקין ערקלערט, אז צו דער ראטשעסטער טעריטאריען קאנפערענץ איז איין ברענטש געוועזן בארעכטיגט צו שיקען 4 דעלעגאטען. געקומען זיינען בלויז 3 וועלכע האבען צוגעצויגען א פערטען דעלעגאט. די קאנפערענץ האט באשלאסען גלייך צו ערוועהלען דעלעגאטען אנשטאט צו שיקען דאס צו א רעפערענדום צו די ברענטשעס. דער וואס איז ערוועהלט געווארען האט געהאט א מאיאריטעט פון 1 שטימע. דער וואס איז דורכגעפאלען האט אפעלירט נעגען דער האנדלונג פון דער קאנפערענץ, טענה'נדיג, אז דער צוגעצויגענער דעלעגאט, וועגען וועלכען עס איז אויבען דערמאנט געווארען, האט מיט זיין שטימע ערוועהלט דעם אפאנענט. עס ווערט באשלאסען צו ערקלערען יענע קאנפערענץ אלס אונגעזעצליך, און רופען א צווייטע טעריטאריען קאנפערענץ אין ראטשעסטער.

דעם סעקרעטער'ס רעפארט ווערט גוטגעהייסען.

פר. יודיטש און פר. עפשטיין ווערען ערוועהלט אנצושרייבען דעם קאנווענשאן רעפארט פון דער נאצ. עקז. קאמ. עס ווערט באשלאסען צו רופען א ספעשעל מיטינג פון דער עקז. אזוי שנעל ווי דער קאנווענשאן רעפארט וועט פארטיג ווערען.

* * *

א ספעשעל מיטינג פון דער נאצ. עקז. קאמ. ווערט אפגעהאלטען שבת דעם 20טען מערץ, אום 2 אוהר נאכמיטאג, מיט פר. עפשטיין אלס טשערמאן. פר. באסקין ערקלערט אז דער היינטיגער ספעשעל מיטינג איז גערופען געווארען אויסצוהערען דעם רעפארט פון דער עקז. צו דער קאנווענשאן.

פר. יודיטש לעזט פאר דעם רעפארט, וועלכער ווערט מיט קליינע טעכנישע ענדערונגען גוטגעהייסען.



...ט געהערשט איבער'ן גאנצען לאנד, וואלט דער א. ר. זיכער געווען אויס־...אן פיעל מעהר ארבייט.

פר. דינערשטיין דריקט אויס א דאנק צו אלע ברענטשעס איבער'ן לאנד, ...כע האבען איהם געגעבען אן אמת פריינדליכע אויפנאהמע.

פר. סרינסקי האט אינסטאלירט דעם קראנספאלער בר. 623 און זשארא־... בר. 632, אין ניו יארק.

רעפארט ווערט גוטגעהייסען.

### רעפארט פון דער סאניטאריום קאמיטע

פר. גוסקין, טשערמאן פון דער קאמ., באריכטעט, אז דער צעהן יעהריגער ...ילעאום פון סאניטאריום איז געפייערט געווארען אין ניו יארק, זונטאג ...טאג דעם 8טען פעברואר אין מאנהעטען אפערא הויז. היבשע עטליכע ...זענד מיטגלידער זיינען געקומען זיך פרעהען מיט דעם 10 יעהריגען עק־...סטענץ פון אונזער אינסטיטושאן. צו דיזען יובילעאום זיינען איינגעלא־... געווארען אלע פריהערדיגע מיטגלידער פון דער סאניטאריום קאמ. דער ...צערט האט אריינגעבראכט א פראפיט פון העכער 500 דאלאר, וואס ווערט ...בערגעגעבען צום א. ר. רעליעף פאנד.

דעם 14טען און דעם 15טען פעברואר איז געפייערט געווארען דער 10 ...ריגער יובילעאום אין סאניטאריום גופא. אין דעם קאנצערט האבען זיך ...טיילינט אונענטגעלטליך די פאלגענדע ארטיסטען: מ. גאלדענבורג, מארס ...ייד, מיסס לוסי פינקעל און מיסס רינגלער. די 2 טעג האט זיך אין סא־...ריום געפיהלט א אמת יום טוב'דיגע שטימונג, סיי צווישען די פאציענטען ...צווישען די געסט. צום סאניטאריום יום טוב זיינען אויך געקומען אלס ...געלאדענע געסט: י. באסקין, י. ב. ביילין, כ. באטווינים, דר. האלפערן, ...ה האלפערן, ה. לאנג, מיסס אש, א. אדלער און באקסט.

פר. גוסקין ערקלערט אז אין סאניטאריום איז יעצט אלעס אין בעסטען ...ארדנונג. עס איז געווען א שוועריגקייט צו קריגען אן איגדזשיניר, אבער ...ס איז צוגעקומען געווארען א יונגער אינזשיניר וועמעס ארבייט פאר־...רעכט צו זיין צופרידענשטעלענד.

די פרייז אויף מילך און ברויט איז געהעכערט געווארען פון דעם 1טען ...ברואר. פאר מילך צאהלט מען יעצט 9¢ פער קווארט, אנשטאט 9½ סענט ...פריהער, און 9½ סענט פער פונט ברויט — ווייסע אדער געמישטע.

רעפארט ווערט גוטגעהייסען.

### רעפארט פון דער נאצ. גריוועגס קאמ.

פר. פערלשטיין, וויס טשערמאן פון דער קאמיטע, באריכטעט, אז ...אפעלאנטען פון בר. 155, טאלעדא, אהייא, צאהלען דערווייל איין ...ערע בילס דורך דעם דזשענעראל אפיס, ביז די פראגע וועגען זייער אפיעל ...ט ענטגילטיג ענטשיידען ווערען.

פר. וואלאס און ער (פערלשטיין) זיינען געווען אין הארטפארד צו אונ־...זוכען די פראגע וועגען די אפיעלס פון איינינע מעמבערס פון ברענטש ...און בר. 184, געגען באשלוס פון בר. צו באשטראפען זיי מיט סומען פון ...ביז $99 פאר סקעבען. עס האט זיך ארויסגעצייגט אז אלע זיינען ווירק־...שולדיג אין די קלאגען. וואס אנבעלאנגט די אפעלאנטען פון בר. 15 ...די גריוועגס קאמ. באשלאסען גוטצוהייסען די האנדלונג פון בר. דער ...לאגט אבער פון בר. 184 האט געבעטען ענטשולדיגונג און אפעלירט מען ...האנדלען מיט אייניזעהעניש בנוגע זיין אפיעל. דער באטרעפענדער ...לט זיך גייסטיג צובראכען, וויסענדיג אז ער איז באגאנגען א מיאוסען ...לער. אזוי ווי אין דעם פאל זיינען אויך געווען ספעציעלע הויז אומ־...גדען, וועלכע האבען געווירקט אויף איהם, אז ער זאל צוהיקנעהן ארביי־... האט די גריוועגס קאמ. באשלאסען צו פארקלענערען זיין שטראף פון $75 ...$25, און אז ער זאל די סומע אויסצאהלען צו $5 פער קווארטאל. ווי ...זאל ער באשטראפט ווערען מיט צונעהמען דאס ווארט אויף 2 יאהר.

די גריוועגס קאמ. רעקאמענדירט צו דער נאצ. עקזעק. קאמ. צו מאכען ...מעמבערס עם לארדזש די מיטגלידער פון פעטערסאן, וועלכע האבען ... א צייט צוריק אפעלירט געגען די ברענטשעס אין פארבינדונג מיט דער ...ילס סיסטעם, און זיינען נאך ביז איצט ניט געקומען צו א פרייוו־... פארשטענדניס מיט זייערע ברענטשעס, ווייל די ברענטשעס שיקען צו ...ניט קיין בילס, און זיי זיינען פאקטיש ניט קיין מעמבערס אין די ...טשעס און אויך קיין מעמבערס עט לארדזש.

רעפארט ווערט גוטגעהייסען.

### רעפארט פון דער אפיס קאמיטע.

פר. ראזענבלאט, וויס טשערמאן פון דער קאמ. באריכטעט, אז ס'זיינען ...דערט געווארען הונדערט טויזענד לעטער העדס.

בר. 320, אלבאני האט געשטראכען א געוויסען מעמבער פאר סקעבען. ...אפעלאנט סטראשעט צו געהן אין קאורט, און דער בר. האט אנגעפרענט ... מיר וועלען זיי שטיצען אין זייער האנדלונג. די אפיס קאמ. האט רע־...ענדירט, אז זיי זאלען דעם באטרעפענדען שטראפירען מיט א געוויסע ...ע, און אויב ער וועט די שטראף ניט באצאהלען, זאלען זיי מיט איהם ...לען געזעצליך.

די ברענטשעס פון נארפאלק, ווירדזשיניא האבען צוגעשיקט א ביל אויף ... פאר די ליגעל אויסגאבען וואס זיי האבען געהאט צו פארטיידיגען די ...סעקרעטערע, וועלכע זיינען געשטאנען אונטער 10 טויזענד דאל. בעיל ... די אפיס קאמ. האט באשלאסען דעם ביל אויסצוצאהלען.

עס זיינען גענארדערט געווארען 60 טויזענד אינדיווידועלע באלאטס פאר ...ל פון דער קומענדער פארוואלטונג.

אין בר. 149 איז געווען אזא פאל:

זייער א געוועזענער מעמבער, לעווינסאן איז דורך א רעדזשיסטרירטען ...ף פון דעם ערשטען יוני 1918 געשטראכען געווארען. אין אפיס איז ער ...טראכען געווארען דעם 6טען יוני. געשטארבען איז דער באטרעפענדער ...18טען יוני. א ברודער פון פארשטארבענעם מאהנט די טויטען בענע־... אויף דעם גרונד וואס מען האט דעם פארשטארבענעם ניט געגעבען 10 ...צייט פון דעם טאג וואס דער רעדזשיסטרירטער בריעף איז צו איהם ...געשיקט געווארען. די קייס וועט פילייכט געבראכט ווערען אין קאורט. ... די יעהרליכע סטייטמענטס פאר די אינשורענס דעפארטמענטס זיינען ...פאנגעשיקט געווארען אין אנפאנג פון דיזען מאנאט. דער סיק ...נפים דעפארטמענט איז יעצט פארווארפען מיט סיק סערטיפיקייטס פון ... אינפלוענציע.

פר. איזידאר קאהען האט צוגעשיקט א שריפטליכע רעזיגנאציע. די ... קאמ. האט באשלאסען אנצונעהמען זיין רעזיגנייישאן, און צוצוציהען ... זיין פלאץ דעם נעקסטען אויפ'ן באלאט.

פון אינשורענס דעפארטמענט איז קענעדא איז לעצטענס ערהאלטען גע־... א בריעף, אז ווען זיי ווילען קריגען אונזער יעהרליכען פינאנציעלען ...ארט, ווילען זיי אונז ארויסגעבען א טשארטער פאר דעם דאמיניאן ...קענעדא.

רעפארט ווערט גוטגעהייסען.

### רעפארט פון דער עדיוקיישאנאל קאמ.

פר. גאלינסקי, וויס טשערמאן פון דער קאמ. באריכטעט, אז נייע ארב. ...שולען זיינען לעצטענס געגרינדעט געווארען אין באלטימאר, אין יוניאן ... אין וועסט ניו יארק, נ. דזש. און אין ניו הייווען. די שולען ווילען ... זיין אן ערפאלג. די הויפט פראבלעם אין פארבינדונג מיט די שולען, ... האבען גענוג לעהרער. עס איז איבערגעגעבען געווארען צום דרוק ...פראגראם פאר די שולען, וועלכע וועט פיעל העלפען צו באקענען זיך

### קאָמיטעס

פון דער היברו אימיגראַנט אייד סאָסייעטי — פר. בלאָק אלס פאַרטרעטער. ערקלערט אז די אינסטיטוציאָן האט געקויפט די אסטאר לייברערי, ווייל דאס יעצטיגע הויז איז צו ענג פאר זייער אקטיוויטעט וואס איז זיך ברייט פאַנאַנדערגעוואַקסען. ער זאגט, אז די נאַצ. עקז. קאָמ. פון א. ר. האט פאר די לעצטע עטליכע יאהר געמאַן ברייטע געזעלשאַפטליכע ארבייט אויסער די א. ר. טעטיגקייט. אזוי איז צ. ב., דורך דער איניציאַטיווע פון דער נאַצ. עקז. קאָמ. פאר די לעצטע עטליכע יאהר געשאפען געוואָרען צעהנדליגע טויזענדער דאָלארס פאר די מלחמה קרבנות. ער גלויבט אז דער א. ר. דארף האבען א חלק אין דיזער נייער אימיגראַנטען היים, און ער אפעלירט אן די עקז. זאל רעקאָמענדירען צו דער קומענדער קאָנווענשאָן צו באשטימען א פרייווילינען טעקס פון 15 סענט פער מעמבער פאר דיזען צוועק. עס ווערט באשלאָסען צו רעקאָמענדירען צום קאָנווענשאָן צו באַשטימען אזא טעקס פון 15 סענט, וואס וועט שאפען א סומע פון איננעפעהר 10 טויזענד דאָלאַר, און דער א. ר. וועט האבען א חלק אין דיזער נייער אימיגראַנטען היים.

### צושריפטען

פון בר. 359 לאדען איין א פארטרעטער צו זייער יובילעאום אויף היינט אָוועגט. ערוועהלט פר. האסקעל.

פון עריוה. קאָנפערענץ לאדעט מען איין צו שיקען 2 פארטרעטער צו דער קאָנפערענץ, דעם 25טען מערץ, וואס ווערט פאררופען אין פאַרבינדונג מיט די בילס וואס זיינען פארגעשלאגען געוואָרען אין דער ניו יאָרקער אסעמבלי, איינצופיהרען אז יעדע סקול זאל דארפען האבען א ספּעציעלע ערלויבניס פון דער באָארד אָוו רידזשענטס. אלס פארטרעטער ווערען ער־

וועהלט פר. פערלשטיין און קלופט.

פר. עפשטיין באריכטעט, אז ער איז געווען פארטראָטען ביי דער קאָנפערענץ, גערופען פון די פאראייניגטע געווערקשאפטען. עס אי[...]שטימט געוואָרען צו רופען א צווייטע גרויסע קאָנפערענץ אויף דעם [...] ד. מ. צו שאפען א באוועגונג געגען די הויכע רענט. ער רעקאָמע[...] צו שיקען דעלעגאטען און רופען די א. ר. ברענטשעס אין גרייטער נ[...] צו באטייליגען זיך אין דיזער קאָנפערענץ. באריכט ווערט גענ[...]

אלס פארטרעטער ווערען ערוועהלט פר. עפשטיין און יודיטש.

עס ווערט באשלאָסען צו האבען א פארטזעצונג פון דעם מיטינג, כטאָג אווענד, דעם 23טען מערץ, צו פארהאנדלען וועגען די רעק[...] דיישאָנס צו דער קאָנווענשאָן.

* * *

די פאָרטזעצונג פון דעם ספּעשעל מיטינג ווערט אַפּגעהאַ[...] דיענסטאָג, דעם 23טען מערץ, אום 8 אוהר אָוועגט, מיט פר. א. עפּ[...] אלס טשערמאַן.

עס ווערען אנגענומען רעקאָמענדיישאָנס צו דער קאָנווענשאָן, [...] איהר וועט געפינען אויף א צווייטען פלאַץ אין דיזען נומער „פריינד[...]

פר. באסקין ערקלערט, אז צוליעב די הויכע פרייזען פון פאפי[...] דרוקען, וועלען די בילדער פון די. נאַצ. קאָמיטעס ניט זיין געדרוקט [...] קיין ספּעציעלע פאפיר אין דעם מאַי נומער „פריינד".

עס ווערט באשלאָסען צו אראַנזשירען, אז עס זאלען גענומען [...] סטענאָגראַפישע רעפּאָרטס ביי דער קומענדער קאָנווענשאָן.

פ. געליעבטער, הערקורדינג [...]

# דעלעגאַטען פון די פאַרוואלטונג־קאָמיטעס צו דער צוואַנציגסטער קאָנווענשאָן

פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע — — — — — — — — — — אב. עפּשטיין
פון דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע — — — — — — — — — — — י. דינערשטיין
פון דער אַפּיס קאָמיטע — — — — — — — — — — — — — — — י. ישורון
פון דער בענעפיט קאָמיטע — — — — — — — — — — — — — — ס. יאַקאָבי
פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע — — — — — — — — — — — — — ר. גוסקין
פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע — — — — — — — — — — — — דר. ב. האָפּמאַן
פון דער גריוועגס קאָמיטע — — — — — — — — — — — — — — ס. וואָלאָס
פון דער נייישאָנאַל באָארד אָוו דירעקטאָרס — — — — — — — — ל. בענענסאָן
פון דער דזשענעראַל מעדיקאַל אַדוויזערי באָארד — — — — — — — דר. ה. קלימענקאָ
פון דער סאַניטאַריום מעדיקאַל אַדוויזערי באָארד — — — — — — דר. דזשוליוס האַלפּערן

### פראַטערנאַל דעלעגאַטען

סעמעטערי און פיונעראַל — — — — — — מיס אַש, ל. דינערשטיין און י. קופערמאַן
לייבאָר ליגע — — — — — — — — — — — — — — — — — ס. יאַנאָס

BONDS, DECEMBER 31, 1919

| Par Value | Description | Rate % | Date Due | Book Value | Mkt. Val |
|---|---|---|---|---|---|
| $15,000 | Second U. S. Liberty Loan | 4 | 1942 | $15,000.00 | $13,950. |
| 50,000 | Third U. S. Liberty Loan | 4¼ | 1928 | 50,000.00 | 47,590. |
| 40,000 | Fourth U. S. Liberty Loan | 4¼ | 1938 | 37,120.00 | 37,200. |
| 5,000 | Registered Bond, City of Boston | 4 | 1936 | 4,850.00 | 4,800. |
| 2,500 | Town of Liberty | 4½ | 1931 | 2,525.00 | 2,525. |
| 15,000 | Dominion of Canada War Loan | 5 | 1937 | 14,100.00 | 14,650. |
| 5,000 | New York City Corporate Stock | 3 | 1941 | 4,200.00 | 4,150. |
| 7,000 | " " " " " | 3½ | 1922 | 6,860.00 | 6,860. |
| 70,000 | " " " " " | " | 1940 | 63,700.00 | 63,000. |
| 10,000 | " " " " " | " | 1941 | 9,100.00 | 9,000. |
| 10,000 | " " " " " | " | 1952 | 8,900.00 | 8,700. |
| 53,000 | " " " " " | " | 1952 | 47,170.00 | 46,110. |
| 40,500 | " " " " " | " | 1953 | 36,045.00 | 35,235. |
| 62,000 | " " " " " | " | 1954 | 55,180.00 | 53,320 |
| 10,000 | " " " " " | " | 1954 | 8,900.00 | 8,600. |
| 16,000 | " " " " " | " | 1955 | 14,240.00 | 13,760. |
| 14,000 | " " " " " | 4 | 1936 | 13,720.00 | 13,580. |
| 10,000 | " " " " " | " | 1955 | 9,600.00 | 9,500. |
| 10,000 | " " " " " | 4¼ | 1960 | 10,000.00 | 10,000. |
| 53,000 | " " " " " | " | " | 53,000.00 | 53,000. |
| 15,000 | " " " " " | " | 1962 | 15,000.00 | 15,000. |
| 202,000 | " " " " " | " | 1964 | 202,000.00 | 202,000. |
| 40,000 | " " " " " | " | 1966 | 40,000.00 | 40,000 |
| 35,000 | " " " " " | 4½ | 1957 | 36,750.00 | 36,750. |
| 85,000 | " " " " " | " | 1967 | 89,250.00 | 89,250. |
| $875,000 | Totals | ... | .... | $847,510.00 | $838,640. |

## SAVINGS AND CHECK ACCOUNTS

| | | |
|---|---|---|
| Chatham & Phenix National Bank | $70,461.52 | |
| Chatham & Phenix National Bank, Secretary's Account | 1,700.00 | |
| Farmers' Loan & Trust Co. | 24,406.08 | |
| Irving Trust Co. | 21,893.06 | |
| Metropolitan Savings Bank | 1,082.42 | |
| Dime Savings Bank of Williamsburgh | 1,144.96 | |
| Emigrant Industrial Savings Bank | 1,471.70 | $122,159.74 |

## GUARDIANSHIP ACCOUNTS

| | | |
|---|---|---|
| Metropolitan Savings Bank | 100.00 | |
| " " " | 100.10 | |
| " " " | 108.24 | |
| " " " | 225.20 | |
| " " " | 108.24 | |
| " " " | 102.00 | |
| " " " | 39.24 | |
| " " " | 62.28 | |
| " " " | 142.88 | |
| " " " | 60.60 | |
| " " " | 142.89 | |
| " " " | 39.24 | |
| " " " | 60.60 | |
| " " " | 142.88 | |
| " " " | 118.93 | |
| " " " | 60.60 | |
| " " " | 60.61 | |
| " " " | 60.61 | |
| " " " | 200.26 | |
| " " " | 106.12 | |
| " " " | 240.15 | |
| " " " | 247.37 | |
| " " " | 57.05 | |
| " " " | 468.03 | |
| " " " | 185.00 | |
| " " " | 73.75 | |
| " " " | 106.12 | |
| " " " | 106.12 | |
| " " " | 110.23 | |
| " " " | 206.04 | |
| " " " | 202.00 | |
| " " " | 161.80 | |
| Union Square Savings Bank | 214.62 | |
| " " " " | 214.62 | |
| " " " " | 300.37 | |
| " " " " | 71.35 | |
| " " " " | 322.61 | |
| " " " " | 96.68 | |
| " " " " | 96.68 | |
| " " " " | 118.81 | |
| " " " " | 118.81 | |
| " " " " | 118.81 | |
| " " " " | 118.81 | |
| " " " " | 79.16 | |
| " " " " | 79.17 | |
| " " " " | 112.39 | |
| " " " " | 112.39 | |
| " " " " | 112.39 | |
| " " " " | 112.39 | |
| " " " " | 116.79 | |
| " " " " | 116.79 | |
| " " " " | 71.36 | |
| " " " " | 71.36 | |
| Irving Savings Institution | 408.33 | |
| Williamsburg Savings Bank | 558.65 | |
| Kings County Savings Institution | 560.94 | |
| Prudential Savings Bank | 269.89 | |
| Eastern District Savings Bank | 337.95 | $9,126.30 |

## *CURRENT ACCOUNT*

| | |
|---|---|
| Metropolitan Savings Bank | 118.93 |
| | $131,404.97 |

## LIABILITIES

| | | |
|---|---|---|
| Death Claims Unpaid No. 222 | | $54,765.74 |
| Applications for Approval | $1,133.11 | |
| W. C. Cemetery Department | 237.36 | |
| Sanatorium Deposits | 502.55 | |
| Labor League | 500.00 | |
| Russian Refugees Relief Society | 585.25 | |
| Beneficiary of H. Horn | 41.00 | |
| Beneficiary of H. Klipper | 41.00 | |
| Beneficiary of M. Sperk | 110.23 | |
| Suspense | 109.56 | |
| United Labor Educational Committee | 17.70 | |
| Voluntary Contributions | 26,750.07 | 30,027.83 |
| Total Liabilities | | $84,793.57 |

## EXHIBIT OF MEMBERSHIP

| | Number | Insurance |
|---|---|---|
| Membership at beginning of January 1, 1919 | 63,638 | $16,872,900.00 |
| New members taken in during the year | 16,963 | 4,388,100.00 |
| Members reinstated during the year | 1,108 | 284,400.00 |
| Members insurance increased during the year | ..... | 107,900.00 |
| Totals | 81,709 | $21,653,300.00 |
| Deduct members expelled, transferred and deceased during the year | 6,259 | 1,491,900.00 |
| Membership on December 31, 1919 | 75,450 | $20,161,400.00 |
| Deceased members during the year | 346 | 99,100.00 |
| Expelled members during the year | 5,874 | 1,382,400.00 |
| Rejected members during the year | 39 | 10,400.00 |
| | 6,259 | $1,491,900.00 |

## EXHIBIT OF DEATH CLAIMS

| | Number | Amount |
|---|---|---|
| Claims unpaid December 31, 1918 | 272 | $66,841.15 |
| Claims incurred during the year | 346 | 99,100.00 |
| Interest added on account of Guardianship Claims | | 328.20 |
| Totals | 618 | 166,269.35 |
| Claims paid during the year | 396 | 111,503.61 |
| Claims unpaid December 31, 1919 | 222 | $54,765.74 |

## EXHIBIT OF CONSUMPTION BENEFIT CLAIMS

| | | |
|---|---|---|
| Claims unpaid December 31, 1918 | 1 | $100.00 |
| Claims incurred during the year | 157 | 31,276.68 |
| Totals | 158 | 31,376.68 |
| Claims paid during the year | 158 | 31,376.68 |

## EXHIBIT OF SICK BENEFIT CLAIMS

| | | |
|---|---|---|
| Claims incurred during the year | 7,827 | $183,316.00 |
| Claims paid during the year | 7,827 | 183,316.00 |

## LEDGER ASSETS

| | | |
|---|---|---|
| Book Value of Sanatorium Real Estate and Buildings | | $104,194.09 |
| Book Value of Bonds (Par Value $875,000.00) | | 847,510.00 |
| Guaranteed Mortgages | | 102,500.00 |
| Deposits with Banks and Trust Companies | $118,460.66 | |
| Deposits in Savings Banks on Interest | 12,944.31 | |
| Cash with Sanatorium Department | 2,500.00 | 133,904.97 |
| Sanatorium Furniture and Fixtures | $15,012.86 | |
| Sanatorium Live Stock | 437.72 | 15,450.58 |
| Branch Supplies | $3,812.24 | |
| Office Furniture and Fixtures | 4,358.34 | |
| Machinery "Friend" | 814.76 | |
| Plates | 1,300.00 | 10,285.34 |
| Balances Due from Members at Large | $593.26 | |
| Balances Due from Branches | 22,377.91 | |
| Balance at Passaic Post Office | 183.95 | |
| Special Reimbursement (J. Weintraub) | 1,037.03 | |
| Sanatorium Celebration | 200.00 | |
| Postage on Hand | 24.96 | 24,417.11 |
| Total Ledger Assets | | $1,238,262.09 |

## NON-LEDGER ASSETS

| | | |
|---|---|---|
| Interest Due and Accrued on Mortgages | $1,682.33 | |
| Interest Due and Accrued on Bonds | 9,873.04 | |
| Interest Due on Savings Bank Accounts | 256.30 | |
| Interest Due on Check Accounts | 383.53 | 12,195.20 |
| Sanatorium Maintenance Fund | $10,118.50 | |
| Educational Fund | 1,958.35 | |
| Administration Fund | 1,437.84 | |
| Organization Fund | 1,336.05 | |
| Jewish Schools Fund | 979.98 | 15,830.72 |
| Workmen's Circle Library, 1918 | 330.49 | |
| Workmen's Circle Library, 1919 | 4,643.18 | |
| Musical Library, 1919 | 141.40 | |
| People's University | 85.51 | |
| Book Publishing, 1915 | 131.18 | |
| Theatrical Production | 167.10 | 5,498.86 |
| GROSS ASSETS | | $1,271,786.87 |

## DEDUCT ASSETS NOT ADMITTED BY STATE INSUANCE DEPARTMENT REPORT

| | | |
|---|---|---|
| Book Value of Bonds Over Market Value | | $8,870.00 |
| Sanatorium Live Stock | $437.72 | |
| Sanatorium Furniture and Fixtures | 15,012.86 | 15,450.58 |
| Branch Supplies | 3,812.24 | |
| Office Furniture and Fixtures | 4,358.34 | |
| Machinery, "Friend" | 814.76 | |
| Plates | 1,300.00 | 10,285.34 |
| Sanatorium Maintenance Fund | $10,118.50 | |
| Educational Fund | 1,958.35 | |
| Administration Fund | 1,437.84 | |
| Organization Fund | 1,336.05 | |
| Jewish Schools Fund | 979.98 | 15,830.72 |
| Balances Due from Branches | $22,377.91 | |
| Balances Due from Members at Large | 593.26 | |
| Balance at Passaic Post Office | 183.95 | |
| Sanitorium Celebration | 200.00 | |
| Postage on Hand | 24.96 | |
| Special Reimbursement (J. Weintraub) | 1,037.03 | 24.417.11 |
| Workmen's Circle Library, 1918 | 330.49 | |
| Workmen's Circle Library, 1919 | 4,643.18 | |
| Musical Library, 1919 | 141.40 | |
| People's University | 85.51 | |
| Book Publishing, 1915 | 131.18 | |
| Theatrical Production | 167.10 | 5.498.86 |
| | | $80,352.61 |
| Total Admitted Assets | | $1,191,434.26 |
| Total Liabilities, per following schedule | | 84,793.57 |
| **Net Worth, per State Insurance Department Report** | | **$1,106,640.69** |

# DISBURSEMENTS

| | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| Death claims | $111,503.61 | | | | | | $111,503.61 |
| Sick and accident claims | | | $183,316.00 | | | | 183,316.00 |
| Consumption benefit claims | | | 31,376.68 | | | | 31,376.68 |
| Total benefits paid | $111,503.61 | | $214,692.68 | | | | $326,196.29 |
| Sanatorium maintenance | | | | 94,521.94 | | | 94,521.94 |
| Refund to patients for unconsumed time | | | | 1,258.09 | | | 1,258.09 |
| Insurance publications | | | | | | 53.48 | 53.48 |
| Fire Insurance | | | | | | 375.87 | 375.87 |
| Lights | | | | | | 233.01 | 233.01 |
| Salaries and other compensation of committees | | | | | | 4,343.26 | 4,343.26 |
| Salaries of office employees No. 19 | | | | | | 26,767.32 | 26,767.32 |
| Other compensation of office employees | | | | | | 783.54 | 783.54 |
| National board of directors | | | | | | 1,186.25 | 1,186.25 |
| Travelling expenses of committees | | | | | | 133.13 | 133.13 |
| Collection and exchange of out of-town checks | | | | | | 187.46 | 187.46 |
| Insurance department fees | | | | | | 802.00 | 802.00 |
| Rent | | | | | | 2,388.00 | 2,388.00 |
| Advertising, printing and stationery | | | | | | 4,277.58 | 4,277.58 |
| Postage, express, telegraph and telephone | | | | | | 2,299.10 | 2,299.10 |
| Auditing and actuary work | | | | | | 1,100.00 | 1,100.00 |
| Official publication "Friend" | | | | | | 17,687.20 | 17,687.20 |
| Expense of Supreme Lodge meeting | | | | | | 28,606.20 | 28,606.20 |
| Sundries | | | | | | 1,353.66 | 1,353.66 |
| Legal expenses | | | | | | 2,000.00 | 2,000.00 |
| Officers' bonds | | | | | | 28.00 | 28.00 |
| Furniture and Fixtures 10% depreciation | | | | 1,668.09 | | 484.26 | 2,152.35 |
| Repairs and taxes | | | | 524.33 | | | 524.33 |
| Charitable purposes | | | | | 37,568.00 | | 37,568.00 |
| Dues credited for drafted members | | | | | 13,450.12 | | 13,450.12 |
| Organization work | | | | | | 8,517.42 | 8,517.42 |
| Educational work | | | | | | 5,509.22 | 5,509.22 |
| Hebrew schools | | | | | | 4,856.89 | 4,856.89 |
| Books published | | | | | | 4,643.68 | 4,643.68 |
| Gross decrease by adjustment in book value of Sanatorium buildings | | | | 5,036.50 | | | 5,036.50 |
| Gross decrease of adjustment in book value of Bonds | | 4,160.00 | | | | | 4,160.00 |
| Theatrical production | | | | | | 629.04 | 629.04 |
| Medical consultation | | | | | | 40.50 | 40.50 |
| Applications for Approval | | 1,857.60 | | | | | 1,857.60 |
| Interest on Current Accounts | | 159.06 | | | | | 159.06 |
| J. Mislow | | | | | 600.00 | | 600.00 |
| W. C. Cemetery Dept. | | | | | 77.68 | | 77.68 |
| M. and L. Jarmulowsky | | 186.76 | | | | | 186.76 |
| Total disbursements | $111,503.61 | $6,363.42 | $214,692.68 | $103,008.95 | $51,695.80 | $119,286.07 | $606,550.53 |

# Financial Statement For Year 1919

## Ending December 31st, 1919

To Whom It May Concern:

New York, March 13, 1920.

We have audited the books and Accounts of the Home Office of the Workmen's Circle, 175 East Broadway, New York City, quarterly during the year ending December 31, 1919, and find the same to be correct.

We have verified the possession of Municipal Bonds as on December 31, 1919, by a physical inspection of same the Cash and Bank Balances by actual confirmation directly from all depositories; and have proven all remaining Assets and Liabilities by a close inspection and analysis of the accounts involved.

We hereby certify that the accompanying Statement of Assets and Liabilities as on December 31, 1919, and of Receipts and Disbursements for the year ending December 31, 1919, are a correct abstract of their books; that the Statement of Receipts and Disbursements is correct; and that in our opinion the Statement of Assets and Liabilities shows the true financial condition of the Workmen's Circle.

EDWIN PROBERT CO.,
By Wm. Cockcroft.
Certified Public Accountants and Auditors.

320 Broadway, New York City.

| | Mortuary Funds | Reserve Funds | Sick & Consumption Funds | Sanatorium Funds | Voluntary Contributions | Expense Funds | Totals |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| Balance from previous year | $118,215.30 | $677,373.55 | $58,546.64 | $129,235.03 | $11,118.39 | $12,438.46 | $1,006,927.37 |
| **INCOME** | | | | | | | |
| Membership fees actually received | | 44,861.00 | | | | | $44,861.00 |
| All other assessments | 129,733.25 | 65,554.32 | 244,340.40 | 85,696.30 | 21,212.10 | 96,394.64 | 642,731.51 |
| Special assessment | | | | | | 19,090.05 | 19,090.05 |
| For Charitable purposes | | | | | 56,557.66 | | 56,557.66 |
| Transfer Fees | | | | | | 437.25 | 437.25 |
| Total received from members | $129,733.25 | $110,215.32 | $244,340.40 | $85,696.30 | $77,769.76 | $11[illegible] | $763,677.47 |
| Deduct payments returned to applicants and expelled members | 2,418.53 | | 3,539.87 | [illegible] | 299.6[illegible] | [illegible] | 9,283.57 |
| Net amount received from members | $127,314.72 | $110,215.32 | $240,800.53 | [illegible] | [illegible] | [illegible] | $754,393.90 |
| Gross interest on bonds less $230.11 accrued interest on bonds acquired during 1919 | | 33,296.39 | | | | | 33,296.39 |
| Gross interest from all other sources | 323.20 | 935.24 | | | | | 1,263.44 |
| Gross interest on mortgages | | 2,143.61 | | | | | 2,143.61 |
| Deposits for pay patients | | | | 294.63 | | | 294.63 |
| Labor League patients | | | | 2,704.13 | | | 2,704.13 |
| 108 Patients @ $200.00 | | | | 21,600.00 | | | 21,600.00 |
| Short time and pay patients | | | | 8,081.47 | | | 8,081.47 |
| Sale of various articles | | | | 1,375.77 | | | 1,375.77 |
| Donations to Sanatorium | | | | 61.00 | | | 61.00 |
| Miscellaneous Receipts | | | | | 145.43 | 3,359.05 | 4,004.48 |
| Gross increase by adjustment in book value of Bonds | | 8,161.38 | | | | | 8,161.38 |
| Total income for year | $127,642.92 | $154,756.94 | $240,800.53 | $119,074.49 | $77,615.54 | $117,994.83 | $837,885.25 |
| Balance from previous year | 118,215.30 | 677,373.55 | 58,546.64 | 129,235.03 | 11,118.39 | 12,438.46 | 1,006,927.37 |
| Total | $245,858.22 | $832,130.49 | $299,347.17 | $248,309.52 | $88,733.93 | $130,433.29 | $1,844,812.62 |
| Disbursements for year, per following schedule | 111,503.61 | 6,363.42 | $214,692.68 | 103,008.95 | 51,695.80 | 119,286.07 | 606,550.53 |
| Balance at end of year | $134,354.61 | $825,767.07 | $84,654.49 | $145,300.57 | $37,038.13 | $11,147.22 | $1,238,262.09 |




## אינהאלט:







June-July, 1920

THE FRIEND

OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMEN'S CIRCLE

יוני־יולי, 1920

# THE FRIEND

OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMEN'S CIRCLE

Published Monthly

E. H. JESHURIN, National Chairman
I. ALPERT, National Vice Chairman
L. ARKIN, Sec'y N. B. of Directors

J. BASKIN, General Secretary
P. GELIEBTER, Recording Sec'y
R. SALTZMAN, Treasurer

I. B. BAILIN, Managing Editor

Office of Publication:
11 Martha Place, Passaic, N. J.
General Office:
175 E. Broadway, N. Y. City.

Subscription Rates:
Per Annum, 50c. Six Months, 25c
Single Copy, 5 cts.

Entered as second class matter April 21, 1911, at the Post Office at Passaic, N. J.

# THE FRIEND



# דער פריינד

Vol. XI JUNE-JULY, 1920 No. 6


# פון מאָנאַט צו מאָנאַט

…ער 20־טע … מיט עטליכע יאָר צוריק האָבען מיר זיך גיט …וועשען. פאָרגעשטעלט, אז עס וועט אונז אויסקומען צו …ערען דעם צוואַנציג־יעריגען יובילעאום פון ארבייטער־רינג …טער א שוואַרצע חופה פון א טרויעריגער רעאַקציע. מיר …בען אין אונזער פאַנטאַזיע געמאָלט זיך די גרויסע היסטאָרי־ …שמחה פון א. ר. מט די רייכסטע און פרעכטיגסטע פארבען. … האָבען געקענט און געמעגט רעכענען אויף א מאַניפעסטי־ …ן מאַרש פון עטליכע צענדליג טויזענט א. ר. מיטגלידער מיט …רערטער פלאַטערענדע רויטע פאָנען. אזא געשעהעניש האָט …ארפט זיין נישט נאָר גרויס און באדייטונגסווערט פאר׳ן …ר. אליין, נאָר אויך אויף דער סאָציאַליסטישער פארטיי …פאר דער גאַנצער ארבייטער־באוועגונג. מיט אונז וואָלט …ן, וואָס איז פראָגרעסיוו און שעהן, מיטגעיובעלט און מיט־ …ייערט. עס האָט געזאָלט זיין די גרעסטע דעמאָנסטראַציע …ר׳ן א. ר. וואָס איז נאָר ווען געווען, און צוזאַמען מיט דעם …ך דער גרעסטער שטראָם פון פרישע עלעמענטען, פון נייע …ת.

…ווען מיר וואָלטען זיין פאַטאַליסטען וואָלטען מיר שליסען …ן איבערשטען געדאַנק מיט די עטליכע ווערטער פון: „אָבער …ז איז נישט באַשערט געווען!“. מיר זיינען אָבער עס …ש ט. און דאַריבער האָבען מיר זיך נישט נאָך וואָס אוועק־ …נצען זיך שבעה און באַוויינען אונזער ביטערען מזל. מיר …פען באַטראַכטען די זאַך גאַנץ פילאָזאָפיש. מיר מוזען …שאַצען די עפּאָכע נישט נאָך קיין אירע געבורטס־וועהען, …לויט דאָס באַשעפעניש, וואָס עס שטעקט ארוים די הענט־ … אויף דער ווייסער וועלט פון דער טונקעלער מוטער־לייב…

…מיר פארשטעהען, אז די רעאַקציע ביי אונז איז טיילווייז …עזולטאַט און א נאָך־עפעקט פון דער מלחמה, אָבער טייל־ …ו אויך א רעזולטאַט פון דער גרויסער סאָציאַלער רעוואָלו־ …ן אין רוסלאַנד. די טונקעלע, חושכ׳דיגע וואָלקענס שלאָגען …אויפ׳ן העלען האָריזאָנט פון מזרח נאָך שוואַרצער און …יעפער. מיר האָבען געקענט ערווארטען, אז אין דעם פלאַץ, …עס זיינען קאָנצענטר…ט די מאַרשאַלען פון דעם קאַפּיטאַ־ …שישען הויפּט־שטאַב זאָלען צוגעגרייט ווערען די פלענער פון …גען־אַטאַקע. און ווער קען עס ווירקליך מער פארלירען ביי …אָפשאַפונג פון א לוין־סיסטעם ווי די דזשענטעללייט מאָר־ …ראַקפעלער, וואַנדערבילט ענד קאָמפּאַני?…

…מיר האָבען עס פארשטאַנען פייערענדיג אונזער יום־טוב! …האָבען דאָך די אַמאָליגע מאַראַנען אויך געהאַט די פריי־ …פסח׳דיגע סדר־נעכט, כאָטש זיי האָבען זיי געפּראַוועט אין …קעראַיודישע קעלערן!

…אָבער טראָץ די „רעזשי־מאָרדא“־אומשטענדען האָבען …דאָך געהאַט א ווירדיגע קאָנוועגשאָן — א י ו ב י ל ע־ …ס־קאָנוועגשאָן. דער איינדרוקספולער דעמאָנסטראַציאָנס־ …איבער די גאַסען פון דער פראָלעטאַרישער נוארק, מיט אנ־ …נעמער פון די ארומיגע שטעט פון פאַסייק, פעטערסאָן, האָ־ …ען, בעיאָן א. א. וו. די פייערליכע ערעפענונג אין דעם …מען האָל פון שטאָט, דער שעהנער פעטערסאָנער א. ר. … די הויליגע שטימונג און אַטמאָספערע, וואָס האָט אלעמען …עוויקעלט, האָט דאָך געגעבען דעם נויטיגען טאָן צו דעם …נצינסטען צוזאַמענפאָר פון די אויסגעקליבענע טוער פון …יטער רינג.

* * *

און עס איז געווען אין אלגעמיין א שעהנע קאָנוועגשאָן, …ע ר פ אָ ל ג ר י י כ ע קאָנוועגשאָן. די קאָמיטע וואָס …איר אראַנזשירט האָט קענטיג אריינגעלייגט א היבש ביי־ …טריע און איבערגעגעבענע ארבייט. אונזערע נוארקער טו־ …וואָס האָבען דורך דעם ווינטער אדורכגעפירט אזא ענער־ גישען, טיכטיגען און ערפאָלגרייכען מיטגלידערשאַפטס־קאַמפּיין האָבען באַוויזען אז זייער ענערגי איז אונערשעפּליך. אלץ איז געווען אויפ׳ן פלאַץ, אויסגערעכענט, פארגעזעהן און זאָרגפעל־ טיג. מיט דער אויסנאַמע, פיליייכט, פון דער עקסקורסיע איז אלץ געווען געראָטען און איייניגע זאכען אפילו אָריגינעל.

דאָס איז אויסערליך, — די הויט פון דער קאָנוועגשאָן, אזוי צו זאָגען. זי איז אָבער אויך געווען אַן א י נ ע ר ל י־ כ ע ר ע ר פ אָ ל ג. די רעפּאָרטען פון די פארשידענע פאר־ וואַלטענדע קאָמיטעס זיינען געוואָרען געוואויגען פאָרזיכטיג און ווירדיג. אין פארשידענע פראַגען איז געווען א לעבעדיגער, אָפּטמאָל אויך ליידענשאַפטליכער אויסטויש פון מיינונגען. די ערוועהלטע קאָמיטעס האָבען פונקציאָנירט נאָרמאַל און כמעט אלע האָבען טיכטיג אדורכגעפירט זייערע פאָרשלאָגען אויפ׳ן פלאָר פון דער קאָנוועגשאָן. די באַריכטען פון די פאַרוואַלטער, וואָס זיינען געווען אזוי רייך מיט אויפטואונגען, האָבען פאַנאַנ־ דערגעוויקעלט א באַוועגליכע פילם פון פארשידענאַרטיגע טע־ טיגקייטען, וואָס האָט פאר לאַנגע שעה׳ן געהאַלטען די דעלעגאַ־ טען אין שפּאַנונג און אין באַוואונדערונג.

מיר רעקאָמענדירען יעדען מיטגליד פון א. ר. דורכצולעזען אויפמערקזאַם דעם גאַנצען רעפּאָרט פון דער קאָנוועגשאָן אום צו קריגען אַמווייניגסטענס א שוואַכע פאָרשטעלונג פון דעם וואָס אייערע אויסגעקליבענע האָבען אויפגעטאָן ביי דער נוארקער קאָנוועגשאָן…

* * *

מיט יעדען יאָר גיט דער א. ר. א גיגאַנטישען שפּרונג פאָראויס. אין פארגלייך מיט אנדערע אידישע ראַדיקאַלע אָרדענס מאַכט ער איינפאַך א קפיצת הדרך. די באַשלוסען.

פאר די לעצטע צוויי יאָר זיינען צוגעקומען אין א. ר. איבער צוואַנציג טויזענט מיטגלידער, מעהר ווי די גאַנצע מיטגלידער־ שאַפט אין א ל ע אידישע ראַדיקאַלע אָרדענס צוזאַמענגענו־ מען!

און אזוי זיינען אויך די ט ע ט י ג ק י י ט ע ן פון א. ר. זיי צווייגען זיך פאַנאַנדער ברייט און שעהן און אָפטמאָל אויך אזוי שנעל, אז עס פארפעלען די מיטלען נאָכצופאָלגען זייער ענטוויקלונג מיט דער געהעריגער פלעגע. עס פארשטעהט זיך, אז די טעטיגקייטען ווערען צוליב דעם נישט אָפּגעשטעלט. עס בלייבט אָבער א דעפיציט, וועלכען די מיטגלידערשאַפט מוז סוף־כל־סוף דעקען.

די צוואַנציגסטע קאָנוועגשאָן האָט זיך אָנגעטראָפען פנים־ אל־פנים מיט עטליכע אזעלכע פּראָבלעמען. די גענעראַל עק־ זעקוטיווע האָט אין אירע באַריכטען און רעקאָמענדאַציאָנען אָנ־ געוויזען, אז עס מוזען באַזאָרגט ווערען די מיטלען מיט וואָס צו פארזיכערען די נאָרמאַלע פונקציעס פון א. ר.

דער גרויסער וואוקס פון א. ר. האָט זיך אם מעהרסטענס אָפּגערופען אויף דעם אדמיניסטראַציאָנס פאָנד. דער גענעראַל אָפּיס מיט זיין שטאַב אָנגעשטעלטע און בעאַמטע האָט זיך אליין איבערגעוואַקסען. דערצו זיינען די שכירות פון די אָנ־ געשטעלטע געשטיגען צוזאַמען מיט אלע אָפּיס־מאַטעריאַלען. אין דעם פאָנד איז פאַראַן א היבשער דעפיציט און די מיטגלי־ דער פון א. ר. ווערען גערופען צו פארגרעסערען דעם אדמיניס־ טראַציאָנס טעקס מיט 4 סענט פאר א קוואַרטאַל.

דערזעלביגער פאַל איז מיט דעם סאַניטאַריום־אַסעסמענט. די פּראָדוקטען זיינען אזוי הויך געשטיגען צוזאַמען מיט די שכירות פון די אָנגעשטעלטע, אז עס איז כמעט אונמעגליך ווייטער אזוי אָנצוגעהן און דעקען דעם דעפיציט פון דעם ביל־ דינגס־פאָנד, ווי עס איז געטאָן געוואָרען ביז לעצטענס. די מיטגלידער פון א. ר. וואָס האָבען געשעפּט אזוי פיעל באַגייס־ טערונג פון א. ר. סאַניטאַריום ווערען גערופען צו שטימען פאר

א העכערונג אין דער צאָלונג פון סאַניטאַריום־אויפהאַלטונגס־פאָנד מיט 6 סענט פאַר א קוואַרטאַל.

די קאָנווענשאָן האָט אויך באַשלאָסען צו רעקאָמענדירען א העכערונג פון פינף סענט א קוואַרטאַל פאַר דעם א. ר. זשורנאַל „פריינד". ביז יעצט האָט אַן א. ר. מיטגליד באַצאָלט פאַר א נומער „פריינד" ווייניגער ווי דריי סענט. עס איז קלאָר, אַז אונטער די יעצטיגע אומשטענדען, ווען מיר דאַרפען צאָלען פאַר א פונט פאַפּיר פינף מאָל אזוי פיעל ווי מיר האָבען געצאָלט מיט א יאָר צוריק, און פאַר דרוקען דעם „פריינד" דאַרפען מיר צאָלען צ ו ו י י מאָל אזוי פיעל און ווען די איבריגע הוצאות ווי אַדמיניסטראַציע, רעדאַקציע און מאַשינערי זיינען אויך גוואַלטיג געשטיגען, איז א העכערונג פון פינף סענט אויף דריי נומערן א לעכערליך קליינע סומע. דאָס וועט אָבער מעגליך מאַכען די רעגעלע ערשיינונג פון „פריינד" יעדען מאָנאַט מיט דער מיטאַרבייטונג פון די בעסטע אידישע סאָציאַליסטישע זשורנאַליסטען.

די קאָנווענשאָן האָט אויך באַשלאָסען צו רעקאָמענדירען די העכערונג פון שול־פאָנד מיט דריי סענט אויפ'ן קוואַרטאַל. מיר האָבען שוין יעצט 30 א. ר. שולען און נאָך עטליכע צעהנדליג וועלען זיך וואַרשיינליך עפענען דורך דעם יאָר. אַז דער פאָנד איז א נויטיגער און אַז ער דאַרף זיין וואָס א גרעסערער האָט שוין די ברייטע מיטגלידערשאַפט פון א. ר. געהאַט א געלעגענהייט עטליכע מאָל צו אונטערשטרייכען מיט דעם וואָס זי האָט געשטימט פאַר די גרעסטע סומע, וואָס איז געגאַנגען אויף דעם רעפערענדום. עס איז כמעט זיכער, אַז אויך דעם יאָר וועט עס די מיטגלידערשאַפט פון א. ר. פול באַשטעטיגען.

* * *

**פריוווילינקייט און ברייטהאַרציגקייט.** צוזאַמען מיט דעם וואוקס פון א. ר. אין מאַטעריעלע און גייסטיגע כחות וואַקסט אויך זיין ברייטהאַרציגקייט און פריוווילינקייט. דאָס מאָל האָט די א. ר. קאָנווענשאָן צוטיילט פיעל מער ביימראגען צו פאַרשידענע וויכטיגע אינסטיטוציעס, ווי עס האָט אָפּגעקאָסט די גאַנצע קאָנווענשאָן און די הוצאות פון די 150 דעלעגאַטען פון אַלע ווינקעלאַך פון די פאַראייניגטע שטאַטען און קענעדאַ.

צווישען די גרויסע סומען, וואָס די קאָנווענשאָן האָט באַשלאָסען צו געבען, וואַרפט זיך אין די אויגען די צעהן־טויזענט דאָלער סומע פאַר דעם בילדינגס־פאָנד פון דער „היברו אימיגראַנט אייד סאָסייטי", וואָס דאַרף געקליבען ווערען פון די מיטגלידער אַלס א פריוווילינע בייזשטייערונג. איין טויזענט דאָלער פאַר דער שוועסטער־אָרגאַניזאַציע פון אַרבייטעררינג, אָדער בעסער געזאָגט פאַר דעם אָרגאַן פון דעם „בונד", דער אַרבייטער־רינג אין פוילען, פאַר די „לעבענס־פראַגען" פון וואַרשע, אָדער ווי עס ווערט יעצט גערופען: „ד י א ר ב י י ט ע ר ש ט י מ ע". מיר האָבען נישט דעם מינדעסטען צווייפעל, אַז אַלע פריוווילינע ביישטייערונגען וואָס געהען אויפ'ן רעפערענדום וועלען גוט געהייסען ווערען פון אונזער ברייטער מיטגלידערשאַפט. פאַר די לעצטע עטליכע יאָר פאַרגינט זיך שוין דער א. ר. נישט נאָר צו שטיצען מיט א ברייטער האַרץ זיינע שוועסטער־אָרגאַניזאַציעס דאָ אין לאַנד, נאָר אויך אויסצושטרעקען זיין ריזיגע הילפס־האַנט אויף יענער זייט פון דעם אַטלאַנטיק און דירעקט פון זיינע פאַנדען העלפען די קעמפענדע רייהען פון אונזערע ברידער אין פוילען און ליטאַ.

די קאָנווענשאָן האָט אויך באַשלאָסען ביי־צושטייערן 2000 דאָלאַר פאַר דער אַמנעסטיע באַוועגונג — א היבשע סומע פאַר נאָך א היבשערען צוועק. עס איז קיינמאָל ביי אידען קיין גרעסערע ביישטייערונגס צוועק נישט געווען ווי פדיון־שבויים. די פאַרשפּאַרטע און פאַרמוטשעטע אין די פאַרשידענע קערקערס פון אונזער פרייעס לאַנד מ ו ז ע ן באַפרייט ווערען. און זאָלען מיר דערצו ביישראָגען אַזאַ חלק ווי עס פּאַסט פאַר'ן אַרבייטער־רינג.

* * *

**די אויפגאַבען פון דער נייער עקזעק.** די אַלטע פאַרוואַלטונג פון א. ר. האָט איבערגעלאָזט דער נייער גענעראַל־עקזעקוטיווע א רייכע ירושה אין מיטגלידער־שאַפט, ווי אין קאַפּיטאַל, אין טראַדיציעס ווי אין ברייטע אויסגעאַרבייטע פּלענער פאַר ווייטערע טעטיגקייטען. דער נייער פאַרוואַלטונג וועט כמעט נישט אויסקומען אויסצוטרעטען נייע וועגען, נאָר אויסצוברייטען און צו פאַרבעסערען די אַלטע (צו פאַרבעסערונגען איז דאָך ק י י נ מ אָ ל קיין גרעניץ נישטאָ!) און ווייטער קירעווען דעם רודער מיט א פעסטער האַנט און קלאָרען בליק. די גרעסטע אויפגאַבע, וואָס שטעהט יע... פאַר דער פאַרוואַלטונג איז נאָך אַלץ ד י פ אַ ר ג ר ע ס... ר ו נ ג פ ו ן ד ע ר מ י ט ג ל י ד ע ר ש אַ פ ט. ... אַפּעטיט קומט מיט'ן עסען. מיר האָבען פאַר די לעצטע ... ליבע יאָרען ענטוויקעלט א שטאַרקען אַפּעטיט צו פאַרגרעסע... אונזערע רייהען מיט צ ע ה נ ד ל י ג ע ט ו י ז ע נ ט ע... און עס איז נישט קיין אַבנאָרמאַלער אַפּעטיט פון א קער... וואָס האָט פרעסערישע נייגונגען און וואָלט וועלען איינשלינ... די גאַנצע וועלט. אין די לעצטע עטליכע יאָר האָט זיך אָנ... הויבען די דיסאינטעגרירונג און פאַנאַנדערפאַלונג פון די גרוי... און אַלטע אידישע אָרדענס. מ'לויפט פון זיי, ווי פון א פע... דער אַלטער פאַרשימעלטער גייסט פון די לאָדזשען איז שוין... פולשטענדיגען ווידערשפּרוך מיט די ברייטע אידישע מאַ... וועלכע זיינען מערסטענס אָרגאַניזירט אין יוניאָנס. די געהר... וואָס קומט פאָר אין דער אַרבייטער וועלט רעפלעקטירט... אַמבעסטען אין דער ערשיינונג וואָס מיר האָבען פאַר זיך: ... צונעהן פון די גרויסע איינגעפונדעוועטע בערען־לאָדזשען ... איין פאַר א גליהענדער זון. דאָס ביסעל אַרבייטער, וואָס... נען נאָך דאָרטען דאָ מ ו ז ע ן זיי פאַרלאָזען און עס בלי... נישט פאַר זיי קיין פּאַסענדערער פּלאַץ, קיין זיכערער פּלאַץ, ... צוטרוילינער פּלאַץ ווי דער אַרבייטער־רינג.

די אויפגאַבע, וואָס די נייע גענעראַל־עקזעקוטיווע ... זיך געשטעלט, צו קומען צו דער איינאונצוואַנציגסטער קאָנוו... שאָן מיט ה ו נ ד ע ר ט ט ו י ז ע נ ט מ י ט ג ל י ד ... וועט געוויס אונטערגעשטיצט ווערען פון אַלע מיטגלידער ... אונזער גרויסען אָרדען מיט זייער גאַנצען פייער און ברען... רוף וועט אַדורכצוקען ווי א הייליגע בשורה דורך אַלע ... רערטער ברענטשעס און א פיבערהאַפטע אַרבייט דאַרף זיך ... הייבען, ווי נאָר די הייסע זון־שטראַלען וועלען ווערען מיל... און ערטרעגליכער.

דאָסזעלבע מוז געזאָגט ווערען אין באַצוג צו דעם גרוי... קאַמפּיין, וואָס די גענעראַל־עקזעקוטיווע וועט פירען פאַר ... ר ע ל י ע ף. פ י נ ף א ו ן ז י ב ע צ י ג ט ו י ז ע... ד אָ ל ע ר איז די סומע, וואָס מיר וועלען גערופען ווע... ד ע ם יאָר צו שאַפען. עס איז א גרויסע אַרבייט, אָבער ... וועט אונז נישט אָפּהאַלטען, דאָס ט אָ ר אונז נישט אָפּה... טען! ביז די לעצטע שאָטענס פון הונגער און קראַנקהיי... פון פּאָגראָמען און מלחמות וועלען זיך נישט אָפּטראָגען פו... פּראָווינצען אין וועלכע דער שיקזאַל האָט געלאָזען אונזערע ... דער און שוועסטער!...

* * *

**דער א. ר. שול צוזאַמענפאָר.** „1) צובינדען דאָס אידישע אַרבי... טער־קינד צום אידישען אַרבייטער־קלאַ... און צוגרייטען איהם פאַרטצוזעצען דע... קאַמף פון זיינע עלטערן פאַר א בעסערער צוקונפט. 2) ענט... וויקלען ביים קינד די געפילען פון יושר, פון ליבע צו אונ... טערדריקטע, פון ליבע צו פרייהייט און פון אַכטונג צ... די קעמפער פאַר פרייהייט. 3) ענטוויקלען ביים קינד דאָ... געפיל פון שעהנקייט. 4) ענטוויקלען ביים קינד דעם הוי... כען אידעאַליזם און די שטרעבונג צו גרויסע מעשים, וועל... כע זיינען נויטיג פאַר יעדען קינד פון'ם אונטערדריקטע... קלאַס אויף זיין ווייטערדיגען לעבענסוועג צו א־בעסערע... אָרדנונג".

וואָס איז דאָס? איז דאָס א פּלענק פון א פּראָגראַם אַן אַמאָליגער סאָנדיי־סקול? אָדער א פּראָגראַם פון א אין דער פרייעסטער לאַנד אין דער וועלט? אָ, ניין, דאָס דער פּראָגראַם פון דער א. ר. שול, ווי ער איז אָנגענומען וואָרען אויפ'ן לעצטען א. ר. שול־צוזאַמענפאָר.

דאָס קלינגט אפילו גאַנץ באַקאַנט פאַר די, וואָס זי... געשטאַנען נאָהענט צו דער א. ר. שול־באַוועגונג, אָדער וואָס בען זיך אַמוועניגסטענס מיט איהר פאַראינטערעסירט „פאַרבלאָנדזשעט" אַמאָל אין איינער פון אונזערע שולען אַליין געזעהען און געהערט. עס וועט אָבער געוויס זיי גרויסע איבעררראשונג פאַר די פריינד אונזערע, וואָס האָבען טענה'ט, אַז די א. ר. שול איז נאָר א חדר מיט אַן אַנדער מען. עס איז פיליכט קיין אינסטיטוציע אין א. ר. ... אַזוי לייכטזיניג אָנגעגריפען געוואָרען פון געגנער, אָפּט פון גאַנץ אומשולדיגע געגנער ווי די א. ר. שול. וואָס ... מען נישט וועגען איהר „צוגאָסיפּט"! וואָס פאַרע חרו... האָט מען נישט וועגען איהר אויסגעטראַכט! פון דעם גרוי... און ערשימערענדען חטא, אַז מ'לערנט דאָרט די קינדער ...

די 1920 ש. ר. ביכ־ ליאָטעק.

אין עטליכע וואָכען ארום וועלען מיר ארויסשיקען צו יעדען ברענטש אלע 7 ביכער פון אונזער 1920 ביבליאָטעק, וואָס ערשיינט יעצט. דאָס וועט זיין אַן אמת'ע איבערראַשונג פאַר אונזערע מיטגלידער וואָס זיינען הונגעריג פאַר ב י כ ע ר און זאַט מיט ביכלאַך און בראָשורען. די אויסגאַבען פון ד ע ם יאָר זיינען פיעל, פיעל גרעסער אין וואָלום (צאָל זייטען) ווי אלע אויסגאַבען פון ארבייטער רינג פאַר אלע פריהערדיגע יאָרען צוזאַמענגענומען. אין די נעקסטע נומערן „פריינד" וועלען מיר האָבען רעצענזיעס וועגען די ביכער און די לעזער פון „פריינד" וועלען א חוץ דעם אויסערליכען אויסזעהן אויך קריגען א באַגריף וועגען דעם אינהאַלט פון יעדעס בוך באַזונדער.

דער פרייז פאַר אלע זיבען ביכער איז זיבען דאָלאַר פאַר א. ר. מיטגלידער. ווען נישט דער גליקליכער פאַל, וואָס מיר האָבען זיך באַזאָרגט באַצייטענס מיט פאַפיר וואָלטען מיר פאַר אזא פרייז די ביכער נישט געקענט ארויסגעבען.

די ביכער זיינען געדרוקט אין א באַגרענעצטער צאָל עק־זעמפּלאַרען און פאַר דעם וואָס וועט זיך צואיילען און אָרדערען וועלען די ביכער רעזערווירט ווערען און אזוי שנעל ווי מעגליך ארויסגעשיקט ווערען.

---

האָט איהר שוין געזעהען די נייע ביכער, וואָס די עדיוקיישאַנאַל קאָם. האָט ארויסגעגעבען? עס לוינט זיך צו באַקענען זיך מיט זיי.

* * *

פון איין זייט פוילען, פון דער צווייטער יאַפּאַן — אבער דער רוסישער פויער און ארבייטער, וואָס האָט געקענט פאַרטרייבען דעניקין'ן אין קאָנ־סטאַנטינאָפּאָל, יודעניטש'ן אין פאַריז און קאָלטשאַק'ן אויף יענער וועלט וועט זיך אויך שוין ספּראַווען מיט די צוויי „רעטער פון דעמאָקראַטיע און פרייהייט"...

* * *

זעהט אַז עס זאָל זיין א דעבס־קלאַב ביי אייך אין שטאָדט און איהר זאָלט דאָרט זיין נישט נאָר פּאַרטראַטען נאָר טאַקע פאַראינטערעסירט מיט אייער לייב און זעל...

* * *

... א גוטע ערציהונג איז די בעסטע עקאָנאָמיע. אויב איהר שפּאָרט פון שול וועט איהר עס דערלעגען דעם לאַיער און דעם מאַנופּעקטשורער — און נאָך מיט וואָס פאַר א פּראָצענט!...

* * *

דער „בונד" אין ליטא און פוילען רופט נאָכאַמאָל צו הילף. זיין אָרגאַן „די ארבייטער שטימע" קען נישט אַדורכטראָגען די קלעפּ פון דער פוילישער רעאַקציע אָהן א גיכער הילף. וועט א י ה ר זיך פארגעסען?...

* * *

... אויב איהר וועט גוט זוכען וועט איהר קריגען א ו מ ע ט ו ם אמת'ע גאָלד און עכטע דימאַנטען, עס וועט אייך אבער שווער זיין צו גע־פינען אמת'ע פ ר י י נ ד ש א פ ט אויב איהר זוכט עס א ו י ס ע ר דעם ארבייטער רינג...

---

# דעבס

פון י. ב. ביילין

(סאָנעט)

ווי א וואולקאַן, ווען עס שפּיט פון קראַטער
איז מיט קיהלען, גראָען אש באַשפּריצט,
דאָך טיף אין בוזעם דונערט עס און בליצט
און לאַווע שמעלצט זיך אין א פלאַמען־פלאַטער.
ווי א טויבען־שלאַק, פול מיט טויבען מילדע,
פול מיט ליבע איז זיין גרויסע האַרץ.
און מעג עס זיין ארום ווי חושך־שוואַרץ,
און מעגען ברויזען שטורמען ווילדע! —
ס'ביילט זיך אין א פויסט זיין האַנט, וואָס ליבליך דריקט;
ס'בליצט מיט צאָרן אויף דאָס אויג, וואָס גלעט און קוויקט;
ס'בליהט פון זעלבען מויל, וואָס אומדערבאַרמדיג שעלט!
און דיזעלבע אָרעמס, וואָס שווינגען אין לופטען
און דראָהען די הערשאַפט פון שטאַרקע און שופטען —
זיינען גרייט צו א ו מ אַ ר מ ע ן ד י ו ו ע ל ט!

---



...טען טאָג!" אנשטאָט „גוד באַי" ביז די נאַרישע „זאַבאַ־... אַז מ'היסט זיי טראָגען אַן ארבע־כנפות....

...אין אלגעמיין איז דער צוזאַמענפאָר געווען א גרויסע נויט־... ...פּקיט. ער האָט אוועקגעלייגט א פונדאַמענט פאַר אַן ...יטליכער פּאָליסי, הן בנוגע למורים און הן בנוגע די ...טובים, וואָס זיינען ווינשענסווערט, אַז זיי זאָלען גע־...ט ווערען אין דער א. ר. שול. א גאַנצע רייהע פון אינ־...אַנטע רעפעראַטען האָבען געשאַפען דעם איינדרוק, אַז ...עפינט זיך אין א קאַלעדזש פאַר פּעדאַגאָגיע און נישט ...ט קאָנפערענץ, וואו „פּאָליטיק" זיצט אין דעם אויבען־אָן. ...אַר א געניטערע באַטראַכטונג וועגען דעם שול־צוזאַמענ־...און וואָס עס האָט אויפגעטאָן שיקען מיר אָפּ צו די פּראָ־...ען פון צוזאַמענפאָר און צו די ארטיקלען פון אונזערע ...ביטער יעקב לעווין און י. שטיינבוים. עס איז איינפאַך ..., אַמוועניגסטענס אויף די א. ר. ט ו ע ר, אַז זיי זאָלען ...גויער באַקענען מיט איינער פון די אינטערעסאַנטסטע ...יטוציעס וואָס זיינען אויסגעוואַקסען פאַר אונזערע אוי־... ...ן ארבייטער־רינג. גענוג שוין געוואָרפען שטיינער אין ... אויפבליהענדען גאָרטען!

---

...יין א מיטגליד פון א. ר. איז א שטאָלץ. צו זיין אַן א ק ט י ו־... מיטגליד איז אויך א פרייד...

* * *

... איז צו דעם, וואָס הערט נישט דעם שופר פון דער נייער צייט. ...ר איז ער טויב, נאָר אויך טויט און באַגראָבען, כמעט אָהן א מצבה ...ם...

* * *

...טוב! פרייגען פאַלען! זיי שפּרינגען אבער אויף, ווי אַן צראַפּנע־... באַל נ אָ ך העכער...

* * *

... אייער קינד אוועק אין דער א. ר. שול און די א. ר. שול וועט אייך ...מקערען אלס א י י ע ר קינד, מיט א י י ע ר ע אידעאַלען און ...טען...

* * *

... מיר שטרעבען צו בילדען זיך און וואָס מעהר צו וויסען. מיט דעם ...לערנען ז י ך מאַכען מיר אויך ממילא די ו ו ע ל ט וועניגער ...ר...

* * *

...איז א דוחק אין צוקער. אבער נאָך א גרעסערער דוחק איז פאַראַן ...סען און צופרידענעם לעבען...

* * *

... וואָלט איהר געגעבען, ווען איהר זאָלט קענען צוטראָגען דעבס'ען ...רע אייגענע הענט א בוקעט בלומען? איהר קענט עס טאָן. נעמט ...ים די צווייטע בירגער־פּאַפּירען און איהר וועט נאָך קענען אָפּגעבען ...יכע פאַר דעם טייערסטען זוהן פון אמעריקא...

# אונזער עקאנאמישע רעוואלוציע

(צו דער פראבלעם פון אונזער רעקאנסטרוקציע.)

א. ליטווין:

דער גרויסער וועלט־קריעג, וואס האט נעקאסט אזוי פיעל
קרבנות און איז, כלומרשט, אנגעגאנגען אין דעם נאמען פון
יושר און פרייהייט פאר די שוואכע און אונטערדריקטע נא־
ציאנען, איז, אין אמת, ווי מיר ווייסען, געפיהרט געווארען אין
דעם נאמען פון קאפיטאליסטיש־מיליטאריסטישע וועלט־איינ־
שלינגעריי. אבער די היסטארישע געזעצען לאכען אפט פון
די דיפלאמאטען, וואס מיינען, אז זיי מאכען די וועלט־פאלי־
טיק. די זיעגער זיינען געווארען די באזיעגטע און די באזיעג־
טע ווערען די זיעגער. אויף צו להכעיס די וועלט־איינשליג־
גענדע חשבונות פון די גרויסע לייבען אין דער וועלט־פאליטיק,
האט די מלחמה אין די קליינע, כמעט צודריקטע פעלקער,
אריינגעגעבען נייעם מוט און לעבענסקראפט. עס ווערען אויפ־
געוועקט און אויפגעמונטערט צו א נייעם זעלבסטשטענדיגען
און פרייען לעבען אזוינע פעלקערלעך און שבטים, וואס האבען
פריהער ניט געוואגט צו טרוימען אפילו וועגען נאציאנאלע
אויפלעבונג. עס איז נאטירליך, אז אויך די אידען האבען בע־
קומען דעמזעלבען מוט און דאסזעלבע רעכט אויף זעלבסטבע־
שטימונג, ווי אנדערע נאציאנען און שבטים. די מעגליכקייט
אבער פאר א פולער אויטאנאמיע איז ביי אונז א סך א קלע־
נערע, ווי ביי אנדערע. די בעפרייאונג פון די פעלקער געהט, ווי
מיר ווייסען, אויף דריי גרויסע וועגען: די פאליטישע זעלבסט־
שטענדיגקייט, נאציאנאלע אויפלעבונג און עקאנאמישע ווידער־
געבורט. די ערשטע פון אט די דריי — די פאליטישע פריי־
הייט, פעהלט ביים אידישען פאלק. אין אט דער הינזיכט זיי־
נען מיר הינטערשטעליג אפילו אין פארגלייך מיט די „טשוק־
טשעס" און „סאמאיעדען", פשוט דערפאר ווייל אונז פעהלט
דער איינהייטליכער באדען אונטער די פיס, וואס יענע האבען.
דער ציוניזם און די טעריטאריאליסטישע בעוועגונג איז א סטי־
כישער אינסטינקט ביים אידישען פאלק צו באקומען אט דעם
באדען. ער איז אבער פאקטיש דערווייל נאך ניטא — ניט
אין פאלעסטינא, ניט אין רוסלאנד, ניט ערגעץ אנדערש וואו.
דארפען מיר זיך דערווייל באנוגענען מיט די אנדערע צוויי
וועגען: שטרעבען צו נאציאנאלער אויפלעבונג און עקאנאמי־
שער ווידערגעבורט. אין אט די ביידע פונקטען שטעהט עס
אבער מיט אונז זעהר שלעכט. צוליב דער פריהערדיגער
פאליטישער רעכטלאזיגקייט, איז אויך אונזער נאציאנאלער בא־
וואוסטזיין א סך שוואכער, ווי ביי אנדערע פעלקער. אויך
צוליב דעם זיין אן עם מפוזר ומפורד — צושטויבט איבער דער
גאנצער וועלט. נאך ערגער שטעהט עס מיט אונזער עקאנאמי־
שען מצב. דא זיינען מיר פשוט אין דער ערגסטער לאגע, ווייל
צוליב א גאנצער קייט היסטארישע סבות זיינען מיר אבגעריי־
סען פון עקאנאמישען שאפען, איבערהויפט פון ערד־ארבייט,
וואס איז ביי אלע פעלקער דער פונדאמענט פון זייער עקאנא־
מישען קיום. דא דארפען מיר ניט בלויז אויפלעבען, נאר בע־
שאפען א „יש מאין" — אן עפעס פון גאר גישט. אויב עס
איז נאך עפעס געווען ביי אונז א שפור פון א ווירטשאפטליכען
לעבען, האט עס די מלחמה אין גאנצען צושטערט. צוליב אט
די דריי חורבנות איז אויך אונזער קולטורעלער צושטאנד א
צובראכענער. די קולטור פון א פאלק האט איהרע ווארצלען
אין זיין עקאנאמישען און נאציאנאלען שאפען. וואו אט דאס
שאפען הערט אויף, ווערט די קולטור אפגעשטארבען, אין בעס־
טען פאל — פארטריקענט.

אט דערין ליגט דער גרויסער אונטערשייד צווישען אונ־
זער רעקאנסטראקשאן און דער רעקאנסטראקשאן פון די אומות
העולם. בשעת ביי זיי דארף מען בלויז אפשטויבען און אויפ־
לעבען, מוזען מיר אלץ כמעט בעשאפען פון דאס ניי. און
אנהויבען מוזען מיר פון דעם, וואס אונז פעהלט אם מעהרסטען,
וואס איז דער נויטיגסטער יסוד פון א פאלקס עקזיסטענץ:
אויפבויען אונזער עקאנאמישען חורבן.

פריהער פון אלץ מוזען מיר געווינען א פעסטען באדען
אונטער די פיס, מוזען מיר קומען נאהענט צו דער ערד. דאס
וועט זיין לייכטער ווי אומעטום — אין פאלעסטינא, איצט,
נאך דעם בצשגוס אין סאן רעמא. דאס אידישע פאלק האט

נעקראגען דאס, צו וואס די ציוניסטען האבען לאנג געשטרע
די מעגליכקייט צו בויען דארטען פאר זיך א נאציאנאלע
אבער פאלעסטינא, ווי די ציוניסטען אליין זיינען מודה,
ניט לייזען די אידען־פראגע איבער דער גאנצער וועלט.
איך האב אין זינען דאס גאנצע אידישע פאלק, אומעטום,
מיר זיינען פארשפרייט. צום גליק איז אונזער עקאנאמ
רעקאנסטראקשאן איצט א סך, א סך לייכטער, ווי מיט א
נע יאהר צוריק — פאר דער מלחמה. די סבות, וואס ה
אונז אין א משך פון טויזענטער יאהרען ניט צוגעלאזע
די געביטען פון געזונטער שאפענדער ארבייט; וואס ה
אונז געהאלטען פארשפארט אין ענגע, פינסטערע שט
געסלעך, וואו מיר האבען געקאנט דערהאלטען אונזער
נאר דורך ארויפגעצוואונגענעם וואוכער און האנדלען מיט
טעם און אפפאל פון מענשליכע געברויכס־מיטלען; אט די
זייגען איצט פארשוואונדען. די קאנסטיטוציעס פון די לע
אין וועלכע אונז וועט איצט אויסקומען צו לעבען, זיינען גע
אויף די פרינציפען פון פערזענליכע רעכט און גרופען־ר
פוילען און אונגארן זיינען נאך דערווייל אן אויסנאם. צ
געוויסע פאליטישע חשבונות פון די דערווייליגע וועלט־הע
זיינען אט די צוויי לענדער געווארען דער איינציגער נעם
דער ווילדעסטער רעאקציע. אבער אזא לאגע איז, ווי מיר
פרשטעהען זעהר גוט, אן אוננאטירליכע. גאר אין גיכען
די פינסטערע באנדע, וואס בושעוועט דארטען, מוזען נעה
די עלעמענטארע פרינציפען פון רעכט וועלען אויך דארט
נעפיהרט ווערען. אלזא: די עקאנאמישע רעקאנסטרא
איז דער ערשטער און וויכטיגסטער טייל פון אונזער א
נ ע נ ע ר ר ע ו ו א ל ו צ י ע. פון איהר דארפען מי
הויבען גלייך אונזער ארבייט. דערביי דארפען מיר ניט
געסען, אז מיר האבען דא פאר זיך א סך א שווערערע א
בע, ווי די אומות העולם. זיי דארפען אויפבויען וואס
צושטערט געווארען ניט לאנג, צושטערט געווארען ד
און צוליב דער מלחמה. מיר דארפען אויפבויען
חורבן פון צוויי טויזענד יאהר.

ווי געזאגט דארפען מיר אנהויבען פון דער ערד. א
גרויסער חורבן, וואס האט זיך אפגערופען שטארק אויף א
גייסט און איינגעווארצעלט זיך טיעף אין אונזער נשמה
די אפגעריסענקייט פון די געזונטע ווארצלען פון דער נ
פון דער מוטער ערד. מיר דארפען בעשאפען ביי זיך אן
קולטורעלען שטאנד, א פאך ערד־ארבייטער. אי די מאר
זייט פון אונזער קולטור, אי די עקאנאמישע, אי די פאלי
אפילו פאדערט, אז מיר זאלען אונזער טעגליכען ברוי
ניט לאזען דערלאנגען פון דעם רוסישען, פוילישען פויער
פון דעם אראבער; מיר דארפען, ווי יעדעס געזונטעס
זיך שאפען אונזער ברויט. א סך פון אונזערע ראדיקאלע
שען פערקוועטשען די ליפען אין א שפאטישען שמייכע
מ'רעדט וועגען א אידישען פויערטום. דאס איז, טענה
קעגען מארקסיזם. און זיי פארגעסען צוויי זאכען: ערש
אז א פאלק, וואס שאפט זיך ניט זיין אייגען ברויט, איז
ראזיטיש פאלק, וואסערע כחות עס זאלען ניט זיין דערצו.
סאציאליזם און, נאטירליך, פריהער פון אלץ, דער מארי
פאדערט א לעבען פון שאפונג און ניט פון בטלנות. איינ
מענשען ביי אונזער מאדערנער ווירטשאפט קאנען אויס
מיט געקויפטע און פארטיג דורך אנדערע געבאקענע
א פאלק קאן ניט און טאר ניט. נאטירליך: עס זיינען
פעלקער, וואס האבען ניט באדען גענוג, אדער האבען ניט
גינסטיגען באדען צו שאפען זיך אליין ברויט אין די נויט
לעבענס־פראדוקטען און מוז אנקומען צו אנדערע פעלקער.
איז זייער אומגליק. איבערהויפט אין פאל פון א וועלט־
סטראפע, ווי די איצטיגע מלחמה איז געווען. דא האבע
באשיינפערליך געזעהן, ווי אם שרעקליכסטען האבען גע
ד י פעלקער און שטאנדען, וואס האבען ניט געקאנט פ
צירען זייער אייגען ברויט און געמוזט אנקומען צו אנ
דער רוסישער, אוקראינישער און פוילישער פויער האבע

ויז פון דער מלחמה וועניגער געליטען, נאר זיינען אפילו רייך
ווארען. דער איד האט געליטען אם שרעקליכסטען, ווייל
האט ניט געהאט זיין אייגען ברויט. דעם צווייטען טעות
כען אונזערע כלומרשטע מארקסיסטען, וואס זיינען קעגען
דארבייט ביי אידען, דערמיט וואס מיט ערד־ארבייט איז ביי
פארבונדען די פארשטעלונג פון דעם אמאליגען אפגעשטא־
נעם רוסישען פויער און דעם בלאטיגען, שמוציגען, רוסישען
רף. זיי פארגעסען, אז ביי אונזער איצטיגער גייסטיגער
טוויקלונג, מיט דער הילף פון די מאדערנע טעכניש־וויסענ־
פטליכע מיטלען איז אבסאלוט ניט נויטיג צו מאכען פון
ם אידישען ערד־ארבייטער א פויער אויף דעם שטייגער פון
ם אמאליגען רוסישען מוזשיק, אדער פארלעגענעם פאליעסער
ישען ישוב׳ניק. א קאלאניע געבויט אויף קאאפעראטיווע
דות, מיט די נייעסטע טעכנישע מיטלען, קאן האבען אלע
לות און באקוועמליכקייטען פון דארף און שטאט און קיין
נציגען פון זייערע חסרונות. אחוץ דעם קאן די מאדערנע
לאניע, אדער גארטען־שטאט זיין פארבונדען מיט אינדוס־
יע, איבערהויפט מיט אלע צווייגען פון הויז־אינדוסטריע,
מיט דער שאפונג פון קונסט־ארטיקלען. מ׳קאן, צ. ב.,
ינע קאאפעראטיווע קאלאניעס אויסגעצייכנט פאראייניגען,
אמעריקא און אומעטום, מיט קאאפעראטיווע שניידער־שע־
, אזוי אז יעדער אידישער אחבייטער זאל האבען, ניט
ם פון זיין ארבייטס־שאפ, זיין אייגען הויז, שטיקעל פעלד
גארטען. מ׳קאן אויך די אידישע וועבעריי איבערבויען
קאאפעראטיווע יסודות און איבערטראגען זי אין די קא־
ראטיווע אידישע קאלאניעס.

די קאלאניעס דארפען זיין פון צוויי טיפען: קאלאניעס־
פער, ווייטער פון די גרעסערע צענטרעס, וואס באשעפטי־
זיך מיט תבואות און פלאנצען אין א גרעסערען מאסשטאב;
די ערד־ארבייט איז ביי זיי דער עיקר; און האלב־אינ־
טריעלע קאלאניעס, גארטען־שטעטלאך, ארום די גרעסערע
טרעס, וואו דער עיקר איז ביי זיי געוועקסאפטליכע פרא־
ציאן, און גרינס־ און פרוכט־קולטור — א ביי־זאך, צום
פאר׳ן אייגענעם געברויך, צום טייל, אלס זייטיגע פרנסה.
דא איז דער פלאץ אריינצולאזען זיך אין איינצעלהייטען
ען דעם כאראקטער פון אט די קאלאניעס. דער הויפט־
זייערער דארף זיין: פון איין זייט — צו בעשאפען א
ישען ערד־ארבייטער־קלאס, און פון דער אנדער זייט בע־
ען דעם שטאדטיגען ארבייטער פון זיינע לענדלארד־ און
ריסורים; צו געבען איהם די מעגליכקייט צו האבען זיין
ענע הויז, זיין שטיקעל גארטען, וואו ער זאל זיך קאנען
קען אין זיין פרייער צייט און זאל איהם דיענען פאר אן
ערשפאר אין צייט פון א סטרייק, אדער ארבייטסלאזיג־
.

די עקאנאמישע אויפלעבונג איז ענג פארבונדען מיט א
אלוציע אין אונזער ערציהונגס־סיסטעם. די פאבליק סקול,
מיר ווייסען, און ווי אין „פריינד" איז שוין ניט איין מאל
אנגעוויזען, גיט ניט אונזערע קינדער די ערציהונג,
מיר נויטינען זיך אין איהר. אונזערע פאלקסשולען און
ד־תורה׳ס זיינען בלויז פאליאטיווען, צייטווייליגע מיט־
צו ראטעווען כאטש עפעס פון דער צושטערענדער ווירר־
פון דער סקול. אונזערע אייגענע שולען זיינען געבויט
דעם טעות, אז די פאבליק סקול איז אין אלגעמיין צופרי־
טעלענדיג, נאר זי האט איינינע חסרונות, וואס אונזער
ענע שול דארף מתקן זיין. דער אמת איז, ווי מיר ווייז־
אז די פאבליק סקול אין אמעריקא און די קאפיטאליסטיש־
ילאטארישע שול אומעטום, אין די קאפיטאליסטישע לענ־
איז אבסאלוט שעדליך, אין גאנצען שעדליך פאר דער
ה פונ׳ם קינד. די ערציהונגס־פראגע איז אזא וואס מ׳קאן
ט אפלייגען אויף א טאג. אונזערע „פאלקס־שולען" זיי־
קיין פאלקס־שולען. א ריכטיגע ערציהונג איז נאר מעגליך
ווען דאס קינד געפינט זיך אונטער איין איינפלוס, אין
ערציהונגס־אנשטאלט און ווערט ניט צוריסען אין צוויי
ם — איינע, וואו עס ווערט געקאלעטשעט, און די צווויי־
וואו מען סטארעט זיך צו היילען די וואונדען, וואס יענע
ט אין דעם קינד׳ס נשמה. א קינד מוז האבען איין שול.
אויף אט דער טעמע האב איך שוין, איבערינענס, ניט איין
געשריבען אויף די שפאלטען פון „פריינד". איך באריהר
די ערציהונגס־פראגע ניט אלס א פראגע אליין פאר זיך,
אין פערבינדונג מיט אונזער עקאנאמישער „רעקאנסטראק־
. די שולע איז דער וויכטיגסטער וועג, אויף וועלכען די
אמישע אויפבויאונג פונ׳ם פאלק דארף געהן. דורך דער

שולע בויען מיר דאס וויכטיגסטע — מיר בויען די צוקונפט. זאל מען ניט אנווייזען אויף דער שווערקייט פון דער פראבלעם, אויף די גלייכגילטיגקייט פון די מאסען צו דער ערציהונג פון זייערע קינדער. מיר לעבען אין א מאמענט פון ריעזיגע אויפטרייסלונגען, פון גרויסע רעוואלוציעס; און אלץ, וואס מיר טוען, מוז טראגען א רעוואלוציאנערען כאראקטער און דארף געפיהרט ווערען אין א גרויסען מאסשטאב.

פאר קאאפעראטיווע קאלאניעס, פאר שולען, קורסען און פאלקס־אוניווערזיטעטען, דארף מען האבען ריעזיגע מיטלען. מ׳דארף האבען א מיליאנען־פאנד. אבער די דאזיגע ארבייט איז ניט קיין פילאנטראפישע טעטיגקייט. זי בויט אויף די פראדוקטיווע כחות פונ׳ם פאלק. דעריבער געהט דא קיין איין פעני ניט פארלארען. פארקערט: יעדער סענט, וואס ווערט אריינגעלייגט אין אונזער רעקאנסטראקשאן־ארבייט קאן בריינגען פרוכט, בריינגען פראצענט, א סך בעסער, א סך זיכערער, ווי די געלדער, וואס ווערען אריינגעלייגט אין א פריוואטער קאפיטאליסטישער אונטערנעמונג. דעריבער זיינען די אויבען דערמאנטע פלאנען פארבונדען מיט א דריטער, אומבאדינגט נויטיגער אונטערנעמונג. דאס איז דער אפאראט, וואס דארף פינאנסירען אלע אונטערנעמונגען, וועלכע דארפען מאכען אונזער איינענע רעוואלוציע. אט דער אפאראט איז א ריעזיגע און מאדערנע צענטראל־קאאפעראטיווע באנק מיט קאאפעראטיווע קרעדיט־יוניאנס, אלס איהרע ברענטשעס, פארשפרייט איבער דער גאנצער וועלט, גאראנטירט פונ׳ם גאנצען פאלק, שטעהענדיג דירעקט אונטער דעם פאלקס קאנטראל, איז די דאזיגע באנק דער זיכערסטער פלאץ צו האלטען דארט די אפגעשפארטע פאר סענט, וואס יעדער פון אונז אין די צייטען, ווען ער איז ניט ארבייטסלאז, סטארעט זיך צו בעהאלטען אויף א רעגענדיגען טאג. יעדער איד מוז האבען זיין שער אין אט דער באנק.

ווער דארף אנהויבען מאכען די דאזיגע רעוואלוציע?

די פראבלעם, וואס אט די רעוואלוציע ריהרט אן, איז א פאלקס־פראבלעם און דעריבער דארף זי מאכען דאס גאנצע פאלק. אבער מיר קאנען ניט פארלאנגען, אז אונזערע קאפיטאליסטישע און קליינבירגערליכע עלעמענטען זאלען זי אנפאנגען. זיי זיינען ניט פעהיג אויף רעוואלוציאנערע אונטערנעמונגען, אפילו ווען זיי קאסטען ניט קיין איין טראפען בלוט. דאריף קאן זיין פעהיג נאר דער אידישער פראלעטאריאט. דער אידישער פראלעטאריאט פון איצטיגען מאמענט איז ניט אייגענטליך קיין מאסאווער. דורך א גאנצע רייה סבות, וואס דא איז ניט דער פלאץ ווענען זיי צו ריידען, האט דער אידישער המון שוין לאנג אסימילירט אין זיך גרויסע מאסען פון דעם אידישען באלעבאטישען קלאס און פון דער קליינבירגערליכער אינטעליגענץ. דער דאזיגער פראצעס, ביז אהער אן אומבאוואוסטזיניגער, א געצוואונגענער, דארף פון איצט אן געהן באוואוסטזיניג און סיסטעמאטיש. די אידישע ארגאניזירטע ארבייטער אין אמעריקא, דער אוואנגארד פון דעם אידישען פראלעטאריאט אויף דער גאנצער וועלט, דארף נעהמען די זאך אין זיינע הענט. אזעלכע ריעזיגע ארבייטער־ארגאניזאציעס, ווי דער „ארב. רינג", די „אמאלגעמייטעד", די „אינטערנעשאנאל לייידיס גארמענט ווארקערס" זיינען פאלקאם אין שטאנד צו נעמען די איניציאטיוו אין אט דער איגערליכער רעוואלוציע. די לעצטע קאנווענשאנס פון אט די גרויסע און מעכטיגע ארגאניזאציעס האבען בעשיינפערליך בעוויזען, אז זיי זיינען ארויס פון זייערע שמאלע לאקאלע יוניאן־אינטערעסען און בענעפיט־סעמעטרי־אינשורענס־ביזנעס, און זיי הייבען זיך אן צו שטעלען ברייטערע פראבלעמען, וואס שטימען פאלקאם מיט׳ן איצטיגען שטורעמדיגען רעוואלוציאנערען מאמענט. די פראגראם פון זייער ווייטערדיגער טעטיגקייט שליסט שוין איין אין זיך קאאפעראציע און ערציהונגס־ארבייט אין א ברייטען מאסשטאב. די מאכט און דער באוואוסטזיין איז פאלקאם פאראן. עס פאדערט זיך מ׳זאל אוועקשטעלען דעם פלאן פון דער ארבייט אין איהר גאנצער ברייט, ניט שרעקענדיג זיך פאר איהר רעוואלוציאנערען כאראקטער. אנצייכענען, כאטש אין אלגעמיינע, קורצע שטריכען, אט דעם פלאן, איז דער צוועק פון דעם דאזיגען ארטיקעל.

---

פון צייט צו צייט נעמט ווילסאן ארויס פון בוך־שראנק זיין אייגענעם בוך „די נייע פרייהייט" און רייסט ארויס פון דארט א בלעטעל, עס איז מעגליך אז ביז וואנען זיין טערם וועט זיך ענדיגען וועלען איבערבלייבען פון איהם די טאוולען אליין...

* * *

פרינציפען זיינען נישט קיין זאקען, וואס קענען אויסגעביטען ווערען צו יעדער צייט. דאס זיינען די בלימחען פון מה צוזאמענגעוועבט מיט די סמרונעם פון הארצען...

ש. ניגער:

# קינדער־ליטעראטור

קינדער־ליטעראטור איז ניט קיין געוואוינליכע ליטעראטור. קינדער־ליטעראטור איז איינס פון די וויכטיגסטע דער־ציהונגס־מיטלען. א קינדער־מעשה׳לע, א קינדער־ליד איז א לערנבוך — א לערנבוך פאר׳ן קינדס פאנטאזיע, פאר׳ן קינדס געשמאק... איז א פראגע: צי מעג א מענש, וואס איז ניט קיין ספעציאליסט אין פעדאגאגיק, שרייבען וועגען קינדער־ליטעראטור? צי הייסט עס ניט — מישען זיך אין א פרעמדען פאך? צי איז דער לעהרער, דער פעדאגאג, וואס איז אויפגע־נומען אויף אלע לערנביכער, נישט דער מבין און דער מומחה אויך אויפ׳ן לערנבוך פון דעם קינדס גוסט און פאנטאזיע — אויף דער קינדער־ליטעראטור?

פאראן מענשען, וואס טראכטען, אז אזוי איז עס טאקע — און ניט סתם אזוי מענשען, נאר מענשען פון פאך. קוקט אריין אין די פעדאגאגישע זשורנאלען, זעהט, ווער שרייבט דארטען רעצענזיעס אויף קינדער־ליטעראטור, ווער ווענדט דאר־טען אפ און מעסט אפ איהר ווערט? ליטעראטור־קענערס, קונסט־קריטיקערס, דיכטערס? ניין, פעדאגאגען... אויף ליטע־ראטור פאר דערוואקסענע האלטען זיי זיך אפשר גאר ניט פאר מבינים; אבער ביכער פאר קינדער — דאס, זאגען זיי, לאזט אונז! אזוי ווי קינדער־ליטעראטור וואלט נישט געווען קיין טייל פון דער גרויסער „קונסטרעפובליק“, נאר עפעס פאר זיך א מלוכה׳לע, וואס האט זיך זיינע אייגענע געזעצען און געזעצ־געבערס.

און נאך ערגער איז, וואס נישט נאר דאס רעכט אויף צו משפט׳ן קינדער־ליטעראטור נעמען זיך אפט מענשען, וואס זיינען פרעמד דער ליטעראטור פאר דערוואקסענע, — אויך שרייבען פאר קינדער גלויבען אפט צו קאנען מענשען, וואס שרייבען ניט און קאנען ניט שרייבען פאר דערוואקסענע... כאפט א קוק אויף א קינדער־זשורנאל: ווי אפט טרעפען מיר דארט פארפאסערס, וואס מיר, דערוואקסענע לעזער, האבען אפילו זייער נאמען נישט געהערט; אונז אליין, הייסט עס, האבען זיי נישט וואס צו זאגען, זיי זיינען ניט געבענשט מיט אן אויג, וואס זעהט, מיט אן אויער, וואס הערט מעהר ווי אלע, מיט א גייסט, וואס שאפט; אבער פאר אונזערע קינדער שרייבען זיי מעשיות און פארפאסען לידער... פאר אונז האבען זיי נישט קיין טאלענט, נאר פאר אונזערע קינדער אז זיי זעצען זיך שרייבען, רוהט אויף זיי די שכינה... ווי איז עס מעגליך? ווי איז עס מעגליך, אז דער, וואס קאן נישט בעלייכטען די נשמה פון דעם מענטשען בכלל, זאל קאנען אריינדרינגען אין דער נשמה פון קינד? איז די נשמה פון קינד דען ניט א מדרגה, א פאזים פון דער מענשליכער נשמה איבערהויפט? ווי איז עס מעגליך, אז דער, וואס האט נישט קיין פעהיגקייט צו פארקערפערן קינסטלעריש זיין אייגענע וועלט, די וועלט פון דערוואקסענע, אין וועלכער לעבט — זאל האבען א שליסעל צו דער טיר, וואס איז שוין לאנג פאר איהם פארשלאסען, צו דער טיר פון דער וואונדערליכער און פאר׳כישופ׳טער קינדערוועלט?

אמת, דעם קינדס לעבען איז איינפאך און זעהר ווייניג אנטוויקעלט, אבער דוקא אט די איינפאכקייט זיינע לאזט אונז ניט נאהענט צוגעהן צו איהם און זיך אריינלעבען אין איהם, סיידען מיר זיינען קינסטלער און מיר זיינען געבענשט מיט דער פעהיגקייט זיך אריינצופיהלען אין פרעמדע וועלטען. האט אבער איינער ניט אט די אלגעמיין־קינסטלערישע פעהיגקייט, איז ער ניט בארופען צו שרייבען פאר קינדער. ווארום הגם מען קאן ניט זאגען, אז יעדער, וואס שאפט קונסטזאכען פאר דערוואקסענע, איז מסוגל צו שאפען אזוינע זאכען אויך פאר קינדער, איז אבער אהן קיין שום ספק ריכטיג דאס פארקערטע: קען איינער ניט שרייבען פאר גרויסע, איז ער שוין קיין קינ־דער־שרייבער אודאי ניט. ווארום וואלט ער געהאט טאלענט, וואלט דאס גופא, וואס ער שאפט פאר קינדער, געטויגט אויך פאר אונז, דערוואקסענע: גוטע קינדער־ליטע־ראטור איז גוטע ליטעראטור בכלל. ווער פון אונז לייענט ניט מיט פארגעניגען אנדערסענס מעשה׳לעך? אבער נישט בלויז אנדערסען. אלע, וואס איז ווערט געלייענט צו ווערען פון קינדער, פארשאפט פארגעניגען

אויך אונז, דערוואקסענע. אנדערש — וואלטען עס אויך דער נישט געקאנט געניסען...

אבער אויב אזוי, איז די פראגע, צי מעגען ליטערא[...] קריטיקער, נישט קיין פעדאגאגען, רעדען וועגען קינדער[...] ראטור — גאר נישט קיין פראגע. נישט נאר זיי מעגע[ן] זיי דארפען עס טון. יעדעם קינדער־ביכעל דארף, פריהע[ר] אלץ, אפגעמאסטען ווערען מיט דער אלגעמיינער (אבער, [...] שטעהט זיך, צו דעם געגעבענעם פאל צוגעפאסטער) ק[...] מאס. דאס קינדערביכעל מוז, פריהער ווי אלץ, זיין א ק[...] ווערק, און ערשט דאן קאן קומען די פראגע, צי איז [...] קונסטווערק, וואס פאסט אויך פאר קינדער.

און ערשט דאן קאן — און דארף — קומען צום [...] דער פעדאגאג, ווי א ספעציאליסט.

ער דארף זאגען, ווי ווייט דעם קינדס גייסט איז [...] גרייט אויפצונעמען דעם קינסטלערישען און אלגעמיין־פ[...] שען איינדרוק, וואס דאס געגעבען ווערק קאן מאכען [...] לעזער. ער דארף באשטימען דעם עלטער און די מדרג[...] ענטוויקלונג, ווען דאס קינד ווערט ראוי צו געניסען דאס [...] יענע קונסטווערק. ער דארף עס אבער טאן, ווי געזאגט [...] דאן, ווען עס איז שוין פריהער פארענטפערט די פראגע [...] דער אלגעמיינער קינסטלערישער ווערדע פונ׳ם ווערק.

און אזוי ווי דאס דארף נישט געטון ווערען דוקא [...] פעדאגאג, וועל איך זיך פרובען שרייבען וועגען די א[...] קינדערביכלעך, וואס זיינען די לעצטע צייט ארויס אין [...] ריקא און — אויף יענער זייט ים.

דעם גאנצען מאטעריאל, וואס ליגט פאר מיר, ווע[...] צוטיילען אויף צוויי מינים: א) קינדער־לידער און ב) [...] פאר קינדער.

---

1.

ק י נ ד ע ר ־ ל י ד ע ר.

א.

פון דעם היבשען פעקעל ביכלעך מיט קינדער־לידער, [...] ליגט פאר מיר, וויל איך אויסטיילען פריהער די אויס[...] וואס זיינען באשטימט פאר גאר קליינע קינדער, איך [...] פאר קינדער פונ׳ם פאר־שול־עלטער. איך וואלט זיכש[...] געשטעלט אויף זיך צו זאגען, אז דוקא די לידער פאסען [...] זיי פאסען איבערהויפט) פאר גאר קליינע קינדער: דא[...] זעהר א הארבע שאלה, און אפילו גאר געניטע לעהרערס [...] זיך דא טועה זיין. אבער אויף איינציגע פון די דאזיגע [...] לעך שטעהט בפירוש אנגעשריבען, אז זייער צוועק א[...] געבען שטאף דער אידישער „קינדערהיים“ אדער דעם קי[...] גארטען.

איינס פון די דאזיגע ביכלעך רופט זיך: „א י ן [...] ד ע ר ה י י ם א ו ן א ו י פ ׳ ן ק י נ ד ע ר פ ל [...] לידער־זאמלונג פון מ. שאליט, ארויסגעגעבען פון דער [...] שאפט פאר אידישער פאלקסמוזיק מיט (ביי?) דער מי[...] קונג פון דער חברה מפיצי השכלה, פעטראגראד, 1916.

אחוץ עטליכע פאלקסלידער, זיינען דא צונויפגענומען [...] ניגעלע און איבערגעזעצטע קינדער־לידער פון מ. שאלי[ט] ריוועסמאן, י. ל. פרץ, ל. ניידוס, ש. פרוג, ה. רויזענבלא[ט] טשארני. די דאזיגע אלע לידער זיינען ניט צום לייענ[ען] ניט צום פארלייענען, נאר צום זינגען (די נאטען צו [...] לאדיעס זיינען אפגעדרוקט אין בוך גופא). איז דער ט[עקסט] דא ניט דער עיקר: ער ווערט איינגעשלונגען דורך דעם [...] און בעת מען זינגט איהם, הערט מען זיך צו ניט אזו[י] זינען, ווי צום קלאנג און ריטם פון די ווערטער. פונדע[ס]־ [...] גען טאר מען די ווערטער און זייער רייך־ווערטערליכע [...] ניט אוועקמאכען אונטערן האנט אויך אין אזוינע לידער. [...] איז, אז דער א ל ג ע מ י י נ ע ר, לאנישער און פאעט[ישער] [...] זין איז אין אזוינע לידער ווייניגער וויכטיג, ווי אין [...] וואס ווערען געלייענט: א ראיה זיינען די פאלקסלידע[ר], [...] דערהויפט די קינדערשע פאלקסלידער, וואס אפט איז דער [...] אין זיי טאקע נאר דער קלאנג און דער ריטם; אבער דא [...]

זיג נאר וועגען דעם א ל ג ע מ י י נ ע ם זינגען פון
לידער. א י י נ צ י ג ע ווערטער און אויסדרוקען שניי-
זיך איין, מחמת דער מעלאדיע, הוקא זעהר שארף אין
, און דערפאר איז וויכטיג, אז אויך אין די לידער, וואס
ן געזונגען, זאלען ניט זיין קיין אומפאעטישע אדער סתם
געשמאקלאזע ווערטער אדער אויסדרוקען.... פון דעם
נדפונקט קאנען אונז ניט אלע טעקסטען פון דער זאמלונג
קינדערהיים און אויפ'ן קינדערפלאץ" צופרידענשטעלען.
טירליכסטע — און דערפאר אויך די בעסטע — צווישען
זינע טעקסטען זיינען די, וואס זיינען גענומען פון פאלקס-
די איבעריגע זיינען ס'רוב געקינצעלט, געמלאכה'ט.
ין געגוג צו פארגלייכען די צוויי רעגענלידער, וואס שטע-
אין בוך איינס לעבען דעם אנדערען:

נאט, גאט, גיב א רעגען
פון די קליינע קינדערס וועגען,
אי ביי טאג, אי ביינאכט,
אלע לאדען צוגעמאכט.
ניט קיין סך, ניט קיין ביסעל,
נאר א פולע שיסעל...

ווי זינגט דאס פאלקס-קינד אליין. און אט ווי עס זינגט
א י ה ם מ. ריוועסמאן:

א רעגענדעל א קילינקער,
א דראבגינקער, א שטילינקער...
ווילט איהר וואקסען, קינדערלעך?
לויפט ארויס אויף גיך אין גאס,
האט ניט מורא, אויב ס'איז נאס —
ס'איז א מחיה, קינדערלעך!

ין, עס איז ניט קיין מחיה — אזא ליד. „האט ניט
אויב (?) ס'איז נאס" איז נאר א גראם צו „גאס": דאס
מלאכה'ט. און נאך מעהר — און נאך ערגער — גע-
ט זיינען די איבעריגע לידער-ריוועסמאנס, דערהויפט
ום-טוב-לידלעך. אין א שבועות-לידעל שרייבט ער:

ס'רוישען אין וואלד
בוימעלעך גרינע,
זאגען א סוד
פון דעם בארג סיני...

אדער:

כ'זעה אין דער הייך
פייגעלעך שענע,
לויבען זיי אויך
משה רבינו!...

מיט אזוינע נארישע פלוידעריען גלויבט מען צו שאפען ביי קינדער א יום-טוב'דיגע — און נאך א רעליגיעז-יום-טוב'-דיגע! — שטימונג!

אין א ל"ג-בעומר-ליד געפינען מיר ביי מ. ריוועסמאן אזא מין „פערז":

עפיס ס'איז ל"ג בעומר גוואלד!

און עס איז טאקע גוואלד צו שרייען, ווי מען פארדארבט דעם קינדערשען געשמאק — און אלץ צוליב כלומרשט-נאציאָנאלע מאטיווען! ניט נאר א קוק, וואס ביי דעם ה' ריוועסמאן, וועלכער פארנעמט א גרויסען פלאץ אין זאמעל-בוך, איז געווארען פון אונזער ליבען חד-גדיא-ליד:

קומט צוגעהן דער גיכער וואסער,
אט דער לויפער, אט דער נאסער (!!)

אדער:

קומט צוגעהן דער מלאך המות,
טויט דעם שוחט א ה ן ק א ט א ו ו ע ס...

ניין, איך גלויב ניט, אז דער ניגון — מעג ער זיין, ווי גוט — זאל כשר'ן אזוינע נארישע און אומגעשטאפערטע „פערזען"! מיר דוכט, אז פארקערט, דער ניגון שטעלט אויף זיי די טראפ און מאכט זיי דערמיט נאך קענטיגער און — נאך העסליכער.

די איבעריגע טעקסטען אין בוך זיינען ניט אזוי שלעכט, אבער איבעריגענס גוט זיינען זיי אויך נישט, און עס איז, פשוט, א וואונדער, ווי אזוי די פעטערבורגער מפיצי השכלה האט אויף אזא מין אויסגאבע נעלייגט איהר שטעמפעל...

---

# ...ער קוקוק און די הוהן

פון נחום י.

(פאבעל)

קוק האט אמאל א הוהן
שטראפען:
אג, צי האסטו ווען אונטער דער זון
ל נאך איינעם געטראפען
ל ניט האבען גאר קיין נעסט? —
דט שוין פון אן אנשטענדיגען שטייג אין הויף!
דיך ארט דאס ניט, דו קוקסט גאר ניט דערויף:
אום צו פרעמדע לייט אין געסט
לעגסט דערווייל ביי זיי
דיין איי.
סטו זיך דאס ניט פאר לייטען
גלאט ווי האסטו מוט
אין א פרעמדען נעסט דיין „פלייש און בלוט" —
פריינד", — געענטפערט האט דער קוקוק
איהר פון ווייטען, —
אין זאך: אז ווער עס בריהט מיין איי ניט
אוים, —
ם א קוקוק קומט ארויס".

# גוף און נשמה

פון ארטור עסעלין.

געשמידט האט גוער די פיס אונז צו דער ערד,
וואלגערט אויף דער ערד זיך אונזער גוף;
צאפעלט ווי א טויב זיך די נשמה,
רייסט צו גאט אין הימעל זיך ארויף.

פארשלאסען איז דער באדען פון דער ערד...
און הויך זיינען די וואוינונגען פון געטער;
אייביג וועט זיך מישען ערד מיט ערד,
און אייביג — די נשמה מיט'ן עטהער...

ציהט זיך „זי" — ארויף, און „ער" — ארונטער,
טוהען זיי אומזיסט זיך ביידע מיהען:
ארונטער קען דער קערפער ניט דערזינקען,
ארויף קען די נשמה ניט דערפליהען...

# דער ארבייטער רינג און דער אידישער קאנגרעס

פון צביון

די נאציאנאלע עקזעקוטיווע פון א. ר. דארף קיין חרטה ניט האבען, אויף איהר באשלוס דאס מאל ניט באטייליגען זיך אין אידישען קאנגרעס, שוין איינפאך צוליעב דעם אליין, וואס עס איז ניט געווען אין וואס זיך צו באטייליגען. דער קאנגרעס האט איינפאך ניט געהאט וואס צו טאן. זיין איינציגע ארבייט איז געווען זיך עפענען און שפעטער א ביסעל זיך שליסען מיט א פארציע קרינערייו און „פאינטס אוו ארדער" אין מיטען.

איך קען בלויז אויסזעצען נעגען דעם באשלוס פון דער נאציאנאלער עקז. פון א. ר., וואס די רעזאלוציע, אין וועלכער דער באשלוס ווערט באגריגדעט, איז א ביסעל צו טעארעטיש און צו פרינציפיעל. די פרינציפיעלע שטעלונג פון א. ר. אין באצוג צום אידישען קאנגרעס, וואס ווערט אויסגעדריקט אין דער רעזאלוציע, לאזט זיך אין אלגעמיין דיסקוטירען, נאר ניט דאס איז דער עיקר. פיעל מעהר איז פאראן אויסצוזעצען גע־גען דער פרינציפען ערקלערונג פון דער רעזאלוציע, וואס לויט איהר האט דער א. ר. אויך אויף דער ערשטער זיצונג פון דעם קאנגרעס, וואס איז אפגעהאלטען געווארען מיט אן ערך 18 חדשים צוריק, אויך ניט געדארפט זיין פארטראטען. דער איצ־טיגער אידישער קאנגרעס אין פילאדעלפיא איז דאך ניט געווען קיין נייער קאנגרעס, נאר א פארזעצונג פון דעם אלטען, עס איז געווען די צווייטע זיצונג פון דעם אידישען קאנגרעס, וואס איז צונויפגערופען געווארען אין דעצעמבער 1918, און אויב עס איז ניט געווען געגען די פרינציפען פון א. ר. זיך צו באטייל־גען אין דער ערשטער זיצונג פון קאנגרעס האט עס אויך ניט גע־דארפט זיין געגען זיינע פרינציפען זיך צו באטייליגען אין דער צווייטער זיצונג.

נו, קען מען אבער ענטפערען, אז פאר די לעצטע 18 חדשים איז דער א. ר. געווארען פרינציפיעלער און רעוואלוציאנערער אין דעם אויסדרוק פון זיין ארבייטער קלאסען כאראקטער. דאס וואלט געווען א גאנץ גוטער ענטפער, ווען ניט די קאנווענשאן אין נויארק, וועלכע האט באשלאסען אויסצובייטען די אלטע סאציאליסטישע פרינציפען ערקלערונג פון א. ר. אויף א נייע פארעווע פרינציפען ערקלערונג.

די נייע פרינציפען ערקלערונג, וועלכע איז אנגענומען גע־ווארען אויף דער נויארקער קאנווענשאן פון א. ר., קען זיכער ניט דיענען אלס א באווייז, אז דער א. ר. איז געווארען פרינ־ציפיעלער. אלע ווייסען, אז זי איז אנגענומען געווארען ניט צו פארשטארקען די פרינציפען פון א. ר., נאר זיי אפצושוואכען. היינט אויב אזוי, אויב מיר קענען זיך ערלויבען צו לאזען אראפ־דינגען אזוי פיעל פון אונזערע פרינציפען פאר א פרינציפען ער־קלערונג צו דער קאנסטיטוציע פון א. ר., טא וואָרום זיין אזוי שטרענג פרינציפיעל, ווען עס האנדעלט זיך וועגען דער צוויי־טער זיצונג פון אידישען קאנגרעס, אט טאקע פון דעמזעלביגען קאנגרעס, אין וועלכען דער א. ר. האט זיך מיט 18 חדשים צוריק באטייליגט?

נאך מיין מיינונג וואלט די רעזאלוציע פון דער נאציאנאלער עקזעק. פון א. ר. וועגען אידישען קאנגרעס געווען פיעל שטארקער און אויסגעהאלטענער, ווען זי וואלט געווען וועניגער טעארע־טיש און ניט אזוי שטארק פרינציפיעל. ווארום אין דערווירק־ליכקייט האט זיך דא געהאנדעלט פיעל וועניגער וועגען פרינ־ציפען ווי וועגען פראקטישקייט.

אין דער ווירקליכקייט האט די נאציאנאלע עקזעקטיווע פון א. ר. אין יאהר 1918 זיך אויך ניט געוואלט באטייליגען אין דעם אידישען קאנגרעס. דער באשלוס זיך צו באטייליגען איז אנגענומען געווארען נאך א לאנגער היציגער דעבאטע און מיט א גאנץ קלייגער מאיאריטעט. אום צו זיין נאך פינקטלי־כער דארף מען זאגען, אז פאקטיש איז די מאיאריטעט געווען נעגען און אויף איין מיטינג פון דער עקזעקוטיווע האט די מא־יאריטעט אויך טאקע באשלאסען זיך ניט צו באטייליגען. ערשט אויף א צווייטען מיטינג, ווען איינינע האבען זיך אפגע־האלטען פון שטימען, איז דער פארשלאג זיך צו באטייליגען אנגענומען געווארען. די מאטיווען געגען באטייליגונג זיינען געגען צוגעגעבן. איניגע זיינען ארויסגעטראטען פון א פרינ־

ציפיעלען שטאנדפונקט. לויט זייער מיינונג טאר דער א. ר.,
אן ארבייטער ארגאניזאציע, איבערהויפט ניט האבען ווע
עס איז מגע ומשא מיט די בורזשואזע ארגאניזאציעס און אפ
טען מיט זיי צוזאמען קאנגרעסען. די אנדערע געגנער הא
די פראגע ניט אוועקגעשטעלט אויף אזא שטרענגען פרינציפי
באדען. די עבודה פון געהן צוזאמען מיט בורזשואזע ארג
זאציעס אויף א קאנגרעס וואלטען זיי ווי עס איז געקענט פ
טראגען. ווארום אויב דער א. ר. האט זיך געקענט מתיר זיי
האבען קאנפערענצען מיט פארשיעדענע אידישע בורזשואזע
רערס און לאדזשען און פאראייניגען זיך מיט זיי צו באקעמ
אונגינסטיגע געזעצען געגען פראטוירנאל ארדערס, טא ווא
זאל מען מיט זיי ניט טארען געהן צוזאמען, ווען עס האנד
זיך ווענען א פראגע פון אידישע רעכטען? זייער געגנערש
פון געהן צום אידישען קאנגרעס האבען זיי דעריבער באגרינ
פון א פראקטישען שטאנדפונקט. עס איז געווען זייער מיי
אז פאקטיש וועלען אויף דעם אידישען קאנגרעס די ארבי
פארטרעטער קיין ווירקונג ניט האבען, זיי וועלען בלויז די
אלס א דעקאראציע און עס איז דעריבער פראקטישער, א
זאלען זיצען אין דער היים.

די פארטיידיגער פון באטייליגונג האבען אויך די פ
בעהאנדעלט בלויז פון א פראקטישען שטאנדפונקט. זיי ה
אנגעוויזען, אז פאקטיש האט דער א. ר. זיך קיינמאל ניט גע
טען פאר דעם פרינציפ, אז ער טאר זיך ניט באטייליגען
קאנפערענצען אדער ארויסטרעטונגען אין וועלכע עס באטיי
זיך אויך בורזשואזע ארגאניזאציעס. די פראגע פון באטיי
אדער ניט באטייליגען זיך הענגט פיעל מעהר אפ פון דער
פון די אומשטענדען און פון דעם צוועק. קיין אלגעמי
פעסטגעשטעלטער פרינציפ קאן דא ניט עקזיסטירען. באטי
זיך דאך דער א. ר. אין די הילפס־ארבייט פאר די א
„מלחמת קרבנות" צוזאמען מיט די אידישע בורזשואזע
ניזאציעס. האט דאך דער א. ר. גענומען אן אנטייל אי
פראטעסט־דעמאנסטראציע געגען די פאגראמען אויף אידע
קוקענדיג אויף דעם, וואס אויך בורזשואזע ארגאניזאציעס ה
זיך אין איהר באטייליגט, היינט ווארום זיך אויך ניט מעגע
טייליגען אין א אידישען קאנגרעס וועגען אידישע רעכ
די פראגע איז, אלזא, ניט וועגען פרינציפ, נאר וועגען
פראקטישקייט. דאס הייסט עס איז א פראגע, אויב ע
גלייבער זיך צו באטייליגען אדער ניט.

נו, איז עס געווים אמת, אז די ארבייטער פארטרעטע
נען אויף דעם אידישען קאנגרעס האבען א קליינע ווירקו
וועלען דיענען בלויז אלס א דעקאראציע. אבער דער מ
איז אזעלכער, וואס די דעקאראציע מוז געגעבען ווערען.
מאמענט איז א קריטישער. אלע כוחות דארפען פארא
ווערען צו פארערען בירגערליכע און נאציאנאלע רעכטע
די אידען אין מלחמה לענדער, וועניגסטענס זאל פאר דער
ארויסגעשטעלט ווערען א פארערונג, וואס זאל הייסען, א
אידען אהן אן אונטערשיעד האבען זיך אויף איהר פאראי
אין אזא פאל, האבען די פארטיידיגער פון באטייליגונג, געמ
דארפען די ארבייטער מוחל זיין אויף זייער כבוד, וואס זיי
ניט פארטראטען אויף דעם קאנגרעס לויט זער צאהל און
געזעלשאפטליכע מאכט. און וואס איז שייך צום א. ר.,
זיי באמערקט, דארף ער א חוץ אלעם זיין פארטראטען
קאנגרעס צוליעב זיינע אייגענע אינטערעסען. דער מ
איז זעהר א קריטישער. די פאגראמען אויף אידען אין
און אוקראינע האבען אויפגעצייטערט יעדענס אידישע
די אידישע עפענטליכע מיינונג איז זעהר אן אויפגערעג
האפנונגען, וואס מען לעגט אויף דעם אידישען קאנגרע
נען, מיט רעכט אדער אומרעכט, זעהר גרויסע, און עס
ווערען א גרויסער טומעל אין די ברענטשעס פון א. ר.,
נאציאנאלע עקזעקוטיווע וועט באשליסען זיך ניט צו באט
אין קאנגרעס. אט דאס זיינען געווען די מאטיווען, וועל
בען האן באוואויגען די עקזעקוטיווע פון א. ר. אנטייל צ
מען אין דעם קאנגרעס מיט 18 חדשים צוריק.

דיועלכיגע פראקטישע לאגיק אבער האבען אין דעם איצ־
ען מאמענט געקענט געברויכט ווערען זיך ניט צו באטיי־
ען, אויסלאזענדיג די דיסקוטירבארע פרינציפען אהן א זייט.
אין דעם איצטיגען מאמענט זייגען ניט געווען קיין ארגו־
מענטען, אז מען זאל זיך יא באטייליגען, און ווען עס זיינען
א קיין ארגומענטען פאר, טא צוליעב וואס זאל מען געהן
צו דער ערשטער זיצונג פון קאנגרעס מיט 18 חדשים צוריק
מען גענאנגען, ווייל מען האט זיך געפיהלט געצוואונגען.
ארבייטער האבען געזאגט, אז זיי זיינען גרייט צו פארבוינען
ר כבוד, זיי זייגען גרייט צו זיין א דעקאראציע אויף א
גרעס, וואו אנדערע וועלען האבען די גאנצע דעה, וואו אנ־
ע וועלען פיגורירען אלס די פיהרער און די רעטער פון דעם
ישען פאלק, אבי נאר עס זאל הייסען פאר דער וועלט, אז
גאנצע אידישע פאלק אין אמעריקא, אהן אונטערשיעד פון
סען און ריכטונגען האבען זיך פאראייניגט אין דער פארע־
פון נאציאנאלע רעכטען פאר אידען. דער מאמענט, הייסט
האט געפאדערט א קרבן פון די אידישע ארבייטער און זיי
ען איהם געבראכט.
וועגען דער איצטיגער צווייטער זיצונג פון דעם אידישען
רעס האט מען עס אבער ניט געקענט זאגען. די צווייטע
נג פון קאנגרעס האט שוין מעהר ניט געטראגען קיין כאראק־
פון א דעמאנסטראציע פאר דער עפענטליכער מיינונג פון
וועלט, און עס איז ניט געווען קיין אורזאכע פאר די אר־
ער, אז זיי זאלען געהן אהין זיך נאכשלעפען נאך דעם עק
י ציוניסטען און די אנדערע באלעבאטישע ארגאניזאציעס,
צו דיענען פאר זיי אלס א דעקאראציע. און אזוי ווי די
טע זיצונג פון קאנגרעס האט זיך אין אלגעמיין פארוואנ־
אין א קאמעדיע, און די עטליכע ארבייטער פארטרעטער,
זיי וואלטען דארטען געווען, וואלטען זיכער ניט געקענט
יידען די קאמעדיע, איז עס שוין געוויס געווען קליגער און
טישער, וואס זיי זיינען געבליבען אין דער היים.
נאר קענען דען ניט די ארבייטער, ווען זיי וואלטען וועלען,
ן א מאיאריטעט אויף א אידישען קאנגרעס? עס איז
אר דערפאר, וואס די ארגאניזירטע אידישע ארבייטערשאפט
ניט גענומען קיין אקטיווען אנטייל אין די וואהלען צום
עם האבען זיי געהאט אזא קליינע, אונבאדייטענדע פאר־
ערשאפט, וועלכע האט געקענט דיענען בלויז אלס א דעקא־
, ווען זיי וואלטען אבער גענומען אן אקטיווען אנטייל
וואהלען וואלטען זיי אפשר געקענט האבען א מאיארי־
וועניגסטענס אזא גרויסע מינאריטעט, אז זיי וואלטען
ט האבען א שטארקען איינפלוס אויפ'ן קאנגרעס, אז ער
יך באטש זיך טיילוויז פיהרען נאך זייער ווילען. אזא
פטונג מאכען פיעלע. דאס איז אבער א פאלשע באהויפ־
לויט מיין מיינונג.
אין דער ווירקליכקייט קענען די ארבייטער קיין מאל ניט
קיין שטארקע דעה אויף אלגעמיינע אידישע קאנווענשאנס
קאנגרעסען.
מעג מען צו א אידישען קאנגרעס מאכען וואהלען לויט
עצטען ווארט פון דעמאקראטיע, וועלען דאך די ארבייטער־
רעטער בלייבען אין א קליינער מינאריטעט, ווערענד די
רעטער פון די אידישע באלעבאטים וועלען אימער זיין אין
יסער מאיאריטעט. מען מוז נעהמען די פאקטען ווי זיי
די אידישע ארבייטער־ארגאניזאציעס זיינען געשאפען
ען פאר די עקאנאמישע און פאליטישע אויפגאבען פון די
ע ארבייטער, אבער ניט פאר ספעציעל־אידישע אנגעלע־
טען. ספעציעל־אידישע פראגען קענען אין די אידישע
טער ארגאניזאציעס אויפגענומען ווערען בלויז פון צייט
ט, אין באזונדערס הדינגענדע מאמענטען. די אידישע
טער־ארגאניזאציעס אין אמעריקא זיינען דעריבער לויט

זייער כאראקטער ניט צוגעפאסט צו פיהרען אידישע פאליטיק. אין בעסטען פאל קען אידישע פאליטיק ביי זיי זיין ניט מעהר ווי א צוטשעפעניש. מען קען זיי ליכט קריגען פאר יעדער וויכטיגער אידישער אונטערנעהמונג צי פון לאקאלען אדער נא־ציאנאלען כאראקטער. זיי וועלען טאן אלעס וואס אין זייער מעגליכקייט, אבער מען קען פון זיי ניט ערווארטען, אז זיי זאלען זיך ארייטווארפען אין דער אידישער פאליטיק פון אמע־ריקא, אנפיהרען וואהל־קאמפיינס א. א. וו.

די אידישע באלעבאטישע ארגאניזאציעס אבער זיינען הויפטזעכליך געגרינדעט פאר אידישע אנגעלעגענהייטען און פאר אידישע פאליטיק. די שולען, די לאדזשען, די לאנדסמאנ־שאפט פאראיינען און באזונדערס די ציוניסטישע פארטיי הא־בען דאך אלס זייער הויפט אויפגאבע זיך צו פארנעהמען מיט אידישע אנגעלעגענהייטען און אידישע פאליטיק, און עס איז ניט מעהר ווי נאטירליך, אז וואס עס זאל ניט ארגאניזירט ווע־רען: א אידישע קאנווענשאן, א קהלה, א אידישער קאנגרעס וועלען דארטען די אידישע באלעבאטים זיין אין דער מאיארי־טעט. און אזוי ווי די ציוניסטען גיבען זיך אפ בלויז מיט אידי־שער פאליטיק, האבען א גרויסע, פארצווייגטע מאשינערי פאר דעם צוועק און אויך גענוגענדע פינאנציעלע מיטלען, איז עס אויך ניט מעהר ווי נאטירליך, אז זיי זאלען באהערשען יעדען אידישע קאנגרעס, וואס ווערט אין אמעריקא גערופען.

עס איז אמת, אז ווי קליין עס זאל ניט זיין די פארטרע־טערשאפט פון דער אידישע ארגאניזירטער אידישע ארביי־טערשאפט אויף א אידישען קאנגרעס, וועט מען זיך דאך מעהר אדער וועניגער רעכענען מיט זייער דעה, ווייל מען וועט דאך דארפען זיי געבען עטוואס פאר דער דעקאראציע, וואס זיי שטע־לען צו, אבער ווי פריינדליך די מאיאריטעט זאל ניט זיין, וועט זי דאך ניט מאכען קיין גרויסע קאנצעסיעס צו א מינאריטעט אין פרינציפיעלע פראגען. און טאמער וועט עס די מינארי־טעט דאך פאדערען, וועט די מאיאריטעט ארויסטרעטען אין דעם נאמען פון דעמאקראטיע און אלע טענות מוזען דאן אויפ־הערען.

אט זייגען דאך די פועלי ציון געווען זעהר א ווילקאמענע מינאריטעט אויף דעם פילאדעלפיער קאנגרעס. מען האט דאר־טען די פועלי ציון געהאט נויטיג ווי דאס לעבען. זיי זיינען דאך געווען די איינציגע, וועלכע האבען אויף דעם קאנגרעס זיך גענומען דאס רעכט צו רעדען אין דעם נאמען פון די אידישע ארבייטער אין אמעריקא און דער קאנגרעס האט געקענט בא־הויפטען, אז ער באשטעהט פון אלע טיילען פון אידישען פאלק אין אמעריקא. דאך, ווי אנגעלעגט די פועלי ציון זיינען ניט געווען אויפ'ן קאנגרעס, און ווי גרויס עס זאל ניט זיין זייער קרובה'שאפט מיט די אלגעמיינע ציוניסטען, מיט וועלכע זיי זינגען דאך אין איין כאר „התקוה" און מארשירען אונטער איין פאהן, האבען זיי דאך קיין האניג ניט געלעקט אויפ'ן קאנגרעס. מען האט זיי נאכגעגעבען אין קלייניגקייטען, און דאס אויך מיט שטארקע שטורעס אין זייט, ווען עס איז אבער געקומען צו וויכטיגערע פראגען, האט מען זיי דערלאנגט איבער'ן קאפ, גוט אויסגעזידעלט און געהייסען שווייגען.

ווי די לאגע איז איצט און זי וועט זיך אזוי שנעל ניט ענ־דערען מוז יעדער אידישער קאנגרעס זיין אין דער ווירקליכקייט א באלעבאטישער ציוניסטישער קאנגרעס. און עס איז ניטא קיין אורזאכע ווארום די אידישע ארבייטער זאלען זיך איינשפאנען אין דעם רייטוואגען פון די ציוניסטען און מיט זייער אנווע־זענהייט צוגעבען א פאקטישען באלעבאטישען ציוניסטישען קאנגרעס דעם כאראקטער פון אן אלגעמיין אידישען קאנגרעס.

און וועט זיך די לאגע ענדערען, וועלען מיר דאן זעהן וואס מיר האבען צו טאן און וועלען דאן באשליסען וואס צו טאן.

# נאכ'ן באל...

יהושע פינקעל:

מים פערדרום און מיט בייזוויליגקייט
כ'קום פארטאג אהיים א מיעדער,
כ'לעג מיין מאנטעל און מיין מידינקיים
אויף א שטילער שטול אנידער.

נאך א נאכט פון שפעטען באלעווען,
נאך א נאכט פון הוהא לעבען.
אין דער שטילקייט כ'וועל מיך לייטערן, —
ס'וועט די שטילקייט מיר פערגעבען.

# דער ערשט געשלאָסענער קאָנגרעס

פון הלל ראָגאָף

דער קאָנגרעס, וועלכער האָט זיך ערשט געשלאָסען אום צו געבען די מיטגלידער פון ביידע הייזער די מעגליכקייט אָנצופיהרען זייערע קאמפּיינס אין די קומענדע וואהלען, האָט קיינעם נים צופרידען געשטעלט. דער פּרעזידענט אליין האָט די זיצונג פאַרדאַמט מיט די שטאַרקסטע ווערטער. די רעפּובליקאַנישע צייטונגען האָבען געוואָרפען די שולד אויף די דעמאָקראַטישע אדמיניסטראַציע, און די דעמאָקראַטישע צייטונגען האָבען, נאַטירליך, די שולד געוואָרפען אויפ'ן רעפּובליקאַנישען מאַיאָריטעט אין ביידע הייזער. אז דער קאָנגרעס האָט זיין ארבייט שלעכט געטאָן — דאָס גיבען אלע צו.

מיר גלויבען ניט, אז שולדיג אין דעם איז די פּאַרטיי אָדער יענע פּאַרטיי. מיר גלויבען, אז ווען די אדמיניסטראַציע און דער קאָנגרעס וואָלטען ביידע געהערט צו איינע און דער זעלבער פון די קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען, ענטוועדער צו די רעפּובליקאַנישע אָדער צו די דעמאָקראַטישע, וואָלט דער קאָנגרעס געגאַנגען פּונקט אויפ'ן זעלבען וועג. דער סך הכל פון זיין ארבייט וואָלט געווען אומגעפער דער זעלבער.

די צוויי וויכטיגסטע זאַכען וואָס באַצייכענען די ארבייט פון דעם קאָנגרעס זיינען: 1) דאָס וואָס ער האָט יאָ געטאָן וועגען די באַהנען, און 2) דאָס וואָס ער האָט ניט געטאָן וועגען דעם יקרות.

אויף דעם אייזענבאַן-פּראָגראַם האָבען זיך אייגענטליך נעאייניגט ביידע פּאַרטייען. דער רעפּובליקאַנישער קאָנגרעס האָט אָנגענומען אומגעפער דעם פּלאַן וואָס די אדמיניסטראַציע האָט פאָרגעשלאָגען. דער פּרעזידענט איז געווען העכסט צופרידען מיט די פּונקטען אין דעם ביל, וואָס די רעפּובליקאַנישע קאָמיטעס אין די האַוז אָוו רעפּרעזענטאַטיווס און אין סענאַט האָבען אריינגעטראָגען. ביידע פּאַרטייען זיינען געווען דאַפיר, אז מען זאָל צוריק געבען די באַהנען צו זייערע פּריוואַט בעלי-בתים, און מען זאָל די פּריוואַט קאָמפּאַניס פאַרזיכערען מיט פּראָפיטען פאַר די ערשטע זעקס מאָנאַטען און מיט א ריזיגען פאָנד פון וועלכען זיי זאָלען קענען ציהען אויף צו מאַכען די נויטיגע אויסבעסערונגען. דער אייזענבאַן-ביל איז געווען פּילייכט די סקאַנדאַליעזסטע שטיק ארבייט וואָס דער קאָנגרעס האָט אויפגעטאָן, און אין דעם זיינען געווען ביידע פּאַרטייען איינשטימיג. די ניו יאָרק „טיימס" און די אנדערע קאַפּיטאַליסטישע צייטונגען גיבען צו „אז פאַר דעם קומט דעם קאָנגרעס דעם גרעסטען יישר-כח".

און דאָס זעלבע קען געזאָגט ווערען וועגען די נאַכלעסיגקייט עפּעס צו מאָן אין באַצוג צו דעם יקרות. ביידע פּאַרטייען האָבען געהאַט גלייך די מעגליכקייט דאָס פאָלק מעהר אָדער ווע־ניגער הילפע צו לייסטען נעגען די גרויסע טראָסטס און קאָר־פּאָריישאַנס, וועלכע האָבען דעם קאָסט פון לעבענס-מיטעל ארויפגעצויגען ביז'ן העכסטען פּונקט. דער רעפּובליקאַנישער קאָנגרעס האָט געקענט מאַכען אירגענד וועלכע נייע געזעצען צו באַשרענקען די פרייהייט פון די פּראָפיטירער מיט זייער רויבע־ריי אָנצוגעהן, און די דעמאָקראַטישע אדמיניסטראַציע האָט גע־האַט גענוג אלטע געזעצען וועלכע זי האָט געקענט אָנווענדען געגען די ברוטאַלע פּראָפיטירס. ביידע, אָבער, האָבען זיך באַ־נוגענט מיט וואַרפען די שולד איינע אויף די אנדערע, מיט מאַ־כען פאַרשפּרעכונגען, אונטערזוכונגען, א. א. וו. עס איז געווען קלאָר פאַר יעדען, דאָס ביידע טיילען פון דער רעגירונג, די עק־זעקוטיווע און דער קאָנגרעס, זוכען זיך פון דער גאַנצער אַנגע־לעגענהייט ארויסצודרעהען.

ארבייט איז געווען פאַר'ן קאָנגרעס זעהר א סך, ווען ער וואָלט עס נאָר געוואָלט טאָן. די מלחמה האָט איבערגעלאָזען א גאַנצע נייע וויכטיגע פּראָבלעמען, סיי אינלענדישע און סיי אויסלענדישע, אָבער דער קאָנגרעס און די אדמיניסטראַציע האָ־בען פאַרבראַכט די גרעסטע טייל פון זייער צייט מיט ארומרייסען זיך איבער פראַגען וואָס האָבען געטראָגען א פּאָליטישען כאַראַקטער. זיי האָבען ביידע געהאַט אין זינען די גאַנצע צייט די אָנקומענדע וואהלען, און זיי האָבען געזוכט אויסצונוצען די

צייט אין פאַר'מאוס'ן איינע די אנדערע אין די אויגען פון גרויסען אמעריקאַנער עולם, אום צו קענען שלאָגען דערפון פּיטאַל ביי דעם פּרעזידענט עלעקשאָן.

די פראַגע וועגען די רעכט פון ארבייט, וועגען דער פון די ארבייטער אין די אינדוסטריען, וועלכע האָט אזוי אויפמערקזאַמקייט געצויגען אין אלע לענדער פון דער וו מיט וועלכע די ענגלישע רעגירונג האָט זיך אָפּגעגעבען פּיעל, טראָץ דעם וואָס זי איז געווען אזוי שטאַרק פאַרנומען די פאַרפּלאָנטערטע אויסלענדישע אַנגעלעגענהייטען — פראַגע איז פון דער היגער רעגירונג אינגאַנצען איגנאָרירט וואָרען. דאָ האָט מען, פאַרקערט, א פאַרזוך געמאַכט דור שמוגלען געזעצען וואָס זאָלען באַשרענקען די פרייהייטען א רעכטע פון ארבייט אין די פעקטאָרים און אין די שעפּער. האָט געטרייט אוועקצונעמען פון זיי דאָס רעכט אויף צו ס קען אויף די באַהנען און אין די מינעס. מען האָט געזוכ באַשרענקען זייער רעכט אויף אָנצופיהרען ארגאַניזאַצי ארבייט אין די אינדוסטריען וועלכע זיינען פריינדליך צו גאַניזירטע ארבייט. אויב דיזע פאַרזוכען האָבען זיך ניט געגעבען איז דאָס דערפאַר, וואָס די פּאָליטישע פיהרער פון פּאַרטייען האָבען זיך א ביסעל דערשראָקען פאַר די מע פּראָטעסטען וואָס די גרויסע יוניאָנס האָבען אויפגעהויבע עס ווילט זיך גלויבען, אז דערשראָקען האָבען זיי זיך דע וואָס עס האָרף באַלד אָפּגעהאַלטען ווערען אזא וויכטיגער שאָן. העכסט וואַרשיינליך וואָלטען דיזע געזעצען דורכגע אונטער אנדערע אומשטענדען.

די האָפענונג, אז די מלחמה וועט אָפּשוואַכען דעם מי ריזם אין אמעריקא איז פון דעם קאָנגרעס און פון דער ניסטראַציע אין וואַשינגטאָן אויף צושמעטערט געוואָרען. וואָלט האָבען זיי ביידע פון אָנפאַנג איינפיהרען געצוואו מיליטער-דיענסט אין לאַנד, און אויף צוליעב דער זעלבער זאַכע, וואָס מען שטעהט אזוי גאָהענט צו אזא וויכטיגען שאָן, זיינען זיי אזוי ווייט ניט געגאַנגען. דאָס הייסט ניט, אז די וואַשינגטאָנער רעגירונג און דער קאָנגרעס זיך פון געצוואונגענעם מיליטער-דיענסט אָפּגעזאָגט. די איז בלויז אָפּגעלייגט געוואָרען ביז נאָכ'ן עלעקשאָן. דע אָבער איז אָנגענומען געוואָרען א ביל צו פאַרגרעסערען די אויף דריי מאָל איהר איצטיגע גרויס. נאָכ'ן נייעם געזעצ אמעריקא האָבען נאָהענט צו דריי הונדערט טויזענד סאָלד און אן ערך פון זיבעצען טויזענד אָפיצערען. ווען די כ האָט אויסגעבראָכען איז אין אונזער ארמיי געווען ניט ווי הונדערט טויזענד סאָלדאַטען. עס הייסט, אלזא, אז די כ נעגען מיליטאַריזם, וועלכע מיר האָבען געזאָגען, האָ דרייען שטאַרקער געמאַכט דעם מיליטאַריזם ביי אונ לאַנד גופא.

אויך די ניוי איז פּיעל פאַרשטאַרקט געוואָרען. א איז אינטערעסאַנט אָנצודייטען אויף דעם פּונקט, דאָס דע רעטער פון דער ניוי איז זעהר שטאַרק אומצופרידען מי האַנדלונג פון קאָנגרעס אין באַצוג צו דיין דעפּאַרטמענ האָט געפאָדערט א סך מעהר נייע שיפען ווי דער קאָנגרע איהם באַוויליגט. ער האָט געפאָדערט ניט אנדערש ווי, א ריקא זאָל ווערען די שטאַרקסטע מאַכט אויפ'ן ים, אז מיר זיין מיליטעריסטיש דורך און דורך, אויף דער יבשה או די ים'ען. דער קאָנגרעס איז געווען א ביסעל איינגעה ניט חס ושלום דערפאַר וואָס ער איז ווייניגער מיליטער געשטימט ווי די אדמינסטראַציע, נאָר דערפאַר וואָס ער ה וואָלט איינשפּאָרען געלד. די הוצאות פון דער רעגירו נעקסטען יאָהר זיינען אזוי אומגעהייער גרויס, אז עס א מעגליך געווען פאַר'ן קאָנגרעס נאָכצוגעבען די פאָדער די גרויסע קאַפּיטאַליסטען אז מען זאָל פּיעל פאַרקלענע טעקסעס אויף זייערע פּראָפיטען. און ווען מען וואָלט נאָך באַשלאָסען צו קאָנקורירען מיט ענגלאַנד אין דער גרויס פלאָטע, וואָלטען די טעקסעס געמוזט נאָך פאַרגרעסערט

דר. פּ. סאלמאַן:

# אינדוסטריעלע קראַנקהייטען

## די שניידער־ארבייטער.

פון דעם האלבען מיליאָן אַרבייטער, וואָס זיינען בעשעפ־
...יגם אין דער גאַרמענט אינדוסטרי פון די פעראייניגטע שטאַא־
...ען, זיינען וואַרשיינליך גוטע זעכציג פּראָצענט אידען.
עס מוז דאָ גלייך געזאָגט ווערען, אַז די סאַניטאַרע באַ־
...נגונגען פון די שניידער שעפּער זיינען ווייט פון די גערייניש־
...ט, כאָטש די „סוועט שעפּער" זיינען, אַ דאַנק דער אָרגאַ־
...ירטער מאַכט פון די ארבייטער, כמעט אַ זאַך פון דער פאַר־
...גאַנגענהייט, איז דאָך דער גרעסטער טהייל שעפּער פון דער
...רמענט אינדוסטריע ניט מעהר ווי נעסטען, וואו פאַרשיי־
...נע מיקראָבען מעהרען און פּרוכפּערען זיך אָהן אַ צאָהל.
... דיזע ערקלערונג איז ניט איבערטריבען, באַווייזט דער פאַקט,
... פון אַן אונטערזוכונג, וואָס איז געמאַכט געוואָרען צווישען
...18 נויאָרקער שעפּער אין דער קלאוק און סוט אינדוסטרי,
... באַוויזען געוואָרען אַז נור קאַרגע פיער פּראָצענט האָבען
...האָט גוטע ווענטילאַציע, און די איבעריגע זיינען געווען
...נסטערע און שטיקענדע פלעצער.
אויסער די פאַרפּעסטעטע לופט, די שלעכטע באַליכטונג
... די ענגשאַפט, אָטמען די גאַרמענט וואָירקערס, טאָג איין
...ג אויס, דעם שטויב פון די קאַטטאָן און וואָל פעדים; ...עד־
...ופּט געפינט זיך פיעל שטויב אויף דעם קאַטערס טייבעל וואו
...נצע פּעק מיט סחורה ליגען איינע אויף דעם אַנדערען. אונ־
...רזוכונגען פון דער ג. י. לייבאָר ביוראָ האָט באַוויזען, אַז
... איינינגע קלאָרינג פעקטאָרים זאַמעלט זיך דער שטויב אַזוי
...על ווי אין די פעקטאָרים וואו מען מאַכט פּערלמוטערנע
...ע. עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, אַז אין די טובער־
...לאַרע האָספּיטעלער פון נוי־יאָרקער געזונדס־דעפּאַרטמענט
...נען איבער צוויי פּראָצענט פון די פּאַציענטען — שניידער.
דער אָפּערייטאָר אָדער די אָפּערייטאָרין ליידעט אויך פון
...ען ביי דער מאַשין אין אַ ניט ריכטיגער פּאָזיציאָן. ראָס
...מער בייגען זיך איבער דער אַרבייט, די שטענדיגע מאַטער־
... פון אָפּערירען די מאַשינען מיט'ן האַנד, אָדער מיטן פוס
... די אַלגעמיינע גייסטיגע אָנשטרענגונג פון אייביגער אַר־
...ט אונטער דער בייטש פון „האָרי אָפּ", ווירקען זעהר שלעכט
...יף די מוסקלען און נערווען סיסטעמען פון קערפּער, נאָך
...נער רופט עס זיך אָפּ אויף פרויען און מיידלאַך, וועלכע
...בייטען ביי פוס־מאַשינען. זיי ליידען שרעקליכע שמערצען
... דער צייט פון זייערע מאָנאַטליכע פעריאָדען; פיעל פון
... ווערען ערנסט קראַנק, און אַ גרויסע טייל פאַרבלייבט מיט
... דעם אונאַנגענעמען סימפּטאָם אַ לאַנגע צייט נאָכדעם, ווי
... האָבען שוין פאַרלאָזען דעם שאָפּ, אָדער די פעקטאָרי.
אויסער דעם ווירקט זעהר פיעל אויף דעם נערוועז סיסטעם
... אָפּערייטער די איינטיילונג פון דער אַרבייט. די מאַשין־אַר־
...ט ווערט מאָנאָטאָניש, די בעוועגונגען זיינען איינאַרטיג.
... מענש פאַרליערט דעם אינטערעס אין דער אַרבייט און
...רט אַ צוויי־פיסיגע מאַשין וואָס יאָגט און איילט זיך —
...עהייפּט אין די איילינגע סיזאָנס — ניט רעכנענדיג אויף אַ
...יט ווי שעדליך די יאָגעניש איז פאַר'ן קערפּער. אַס ערנ־
...ז רופּט זיך דער סאָרט לעבען אָפּ אויף די אָפּערייטאָרס,
...לכע אַרבייטען פון שטיק. מורא האָבענדיג צו פאַרלירען
... פיעל צייט, טרעפט פיעל מאָל, וואָס דער אָפּערייטאָר
...עסט ניט, און אויב ער עסט צוקייט ער ניט ריכטיג דעם
...ן. היינט די קנאה און זאָרג טאָמער וועט ער ניט אויס־
...בען אַזוי פיעל ווי זיין שכן, וועלכער איז שנעלער פון איהם —

האָט די אַלע זאַכען צוזאַמען מיט די שלעכטע שפּייז, וואָס ער קריגט אין שאָפּ און אין הויז, שוואַכען אָפּ דעם אָפּערייטאָרס קערפּער און אַ גרויסער טייל פון זיי ליידט פון פאַרשטאָפּונג, בלוט אָרעמקייט און ניוראַסטעניע, מיט אַ שטאַרקע נייגונג צו ניזמאָניא און טובערקולאָזיס.

די „פינישערס" ביי די גאַרמענט טריידס ליידען פון דעם אַלעמען מיט אַ צוגאָב פון איינשלינגען אין זיך פיעלע גיפטיגע כעמישע שטאָפען. דאָס קומט פון דעם וואָס אין איילעניש בייסען זיי מיט די ציין די פאָדים, וואָס ענטהאַלט פאַרשיידענע גיפטיגע פאַרבען.

די פּרעסערס ליידען אין פיעלע הינזיכטיגען נאָך מעהר פון די אָפּערייטאָרס, און כאָטש די אַלע, וועלכע נעהמען זיך צו פּרעסעריי זיינען פיזיש שטאַרק, דאָך אָבער ווערט דער דער גרעסטער טייל פון זיי ווירקליך ניט מעהר ווי צובראָכענע שאַרבענס נאָך אַ צייט פון עטליכע יאָהר אַרבייט. דער פּרע־סער האַלט אין איין הייבען נאָכאַנאַנד דעם גרויסען שווערען אייזען, איינאָטמענדיג אין דער זעלבער צייט די גאַז פון די פייפס, וואָס האַלטען גאַנץ אָפט אין רינען. די פאַרע וואָס קומט, ווען דער פּרעסער טונקט איין זיין איבערגהעציטען איי־זען אין דעם וואַסער וואָס שטעהט נעבען איהם, פאַרפּעסטעט די לופט, וואָס איז אַזוי אויך גענוג שטיקענדיג אַרום דעם פּרעסערס טיש, וועלכער געפינט זיך אָס מעהרסטען ניט לע־בען פענסטער, נאָר אין מיטען אָדער אין ווינקעל פון שאָפּ. און אַזוי ליידט דער פּרעסער פון כראָנישער גאַז־פאַרגיפטונג און די פייכטקייט פון די פאַרע פאַראורזאַכט קאָפּוועהטאָג, בלוט אָרעמקייט, איבעלקייט, מאָגען פערשטאָפּונג און מוסקעל שוואַכקייט.

הייסט עס, אַז עס איז דאָ גענוג פּלאַץ פאַר אויסבעסערונ־גען אין דער גאַרמענט אינדוסטרי אום צו פאַרהיטען דעם גע־זונט פון די וועלכע זיינען באַשעפטיגט אין דער אינדוסטרי. עס איז זעהר ווינשענסווערטה, אַז אונזערע אידישע שניידער יו־ניאָנס — וועלכע זיינען געוואָרען אַ מאַכט מיט וועמען מען רעכענט זיך — זאָלען אויך האָבען אין זינען דעם ג ע ז ו נ ט פון די אַ ר ב י י ט ע ר פונקט ווי זיי דענקען וועגען די „ווייגזשעס" און די שטונדען פון דער אַרבייט.

עס איז אמת, אַז דער „העלט דעפּאַרטמענט" פּאַסט אויף מעהר אָדער ווייניגער אויף די שעפּער, אָבער ווען די יוניאָנס וואָלטען די זאַך גענומען אונטער זייער אויפזיכט, וואָלט מען געקענט פיעל מעהר אויפטאָן. זאָל די יוניאָן אַכטונג געבען אַז אין יעדער שאָפּ זאָל זיין גענוג ווענטילאַציע; אין שאָפּ טאָר ניט זיין צו פיעל אָנגעפּאַקט; דער אַרבייטער טאָר ניט עסען זיין לאָנטש ביי דעם טיש, וואו ער אַרבייט, נור באַזונ־דערע „לאָנטש רומס" מוזען דערפאַר איינגעריכטעט ווערען און גענוג צייט דאַרף געגעבען ווערען צום עסען, אַז דער אַרביי־טער זאָל אויך קענען עטוואָס אָפּרוהען זיך נאָכ'ן עסען. פאַר דעם צוועק מ ו ז ש ט י ק אַ ר ב י י ט א י ן ג אַ נ־צ ע ן אָ פּ ג ע ש אַ פ ט ו ו ע ר ע ן אין יעדען שאָפּ וואו נאָר אַ שניידער מאַשין דרעהט זיך.

און ווען די יוניאָנס וועלען אויספיהרען די אויבענדערמאָנ־טע זאַכען, וועלען זיי פאַרדינען ניט ווייניגער קרעדיט ביי די אַרבייטער מאַסען ווי זיי האָבען פאַרדינט מיט דער אַרבייט וואָס זיי האָבען אויפגעטאָן ביז יעצט פאַר דעם אַרבייטער־קלאַס.

... דאָס צו טאָן האָט דער קאָנגרעס מורא געהאַט צוליעב דער
...ימונג אין וואָלל סטריט קרייזען.
... פון אַזאַ רעאַקציאָנערע רעגירונג האָט מען, אַלזאָ, ניט
...ענט ערוואַרטען אַז די אוועקגענומענע פרייהייטען און רעכטע
...ען דאָס פאָלק צוריק אומגעקערט ווערען. טראָץ דעם וואָס
... מלחמה האָט זיך שוין געענדיגט מיט איבער אַנדערהאַלבען
...ר צוריק, האָבען די אַדמיניסטראַציע און קאָנגרעס נעלאָ־
... אַז די אַלע באַשרענקונגען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען
...יעב דער מלחמה, זאָלען בלייבען אין מאַכט. זיי זיינען איי־
...טליך צופרידען געווען צו האָבען דעם תירוץ, אַז טעכניש
... די מלחמה נאָך ניט פאַראיבער, ווייל קיין פרידענס־אָפּמאַך

איז ניט אונטערגעשריבען געוואָרען, אום זיי זאָלען ניט דאַרפען צוריק אָפּגעבען די בירגער דאָס רעכט צו רעדען פריי און צו שרייבען פריי און צו האָבען זייערע מיינונגען וועגען פראַגען וואָס ריהרען אָן זייער לעבען.

דער קאָנגרעס, וועלכער האָט זיך איצט געשלאָסען, האָט געדאַרפט זיין דער וויכטיגסטער, האָט געדאַרפט טאָן אַ ריזיגע אַרבייט. ער איז אָבער געווען אומבאַדייטענד. די ביסעל אַר־בייט וואָס ער האָט געטאָן איז געווען נעגען די אינטערעסען פון פאָלק. און דאָס האָט ער אויך געקענט אָפּטאָן אין אַ צעהנעל פון דער צייט וואָס ער איז פאַרטומען מיט זיינע זי־צונגען.

לאה ק. האָפמאַן:

# אין יאַפּאַנעזישען סטיל

(הומאָרעסקע)

סאָניא איז געווען צופרידען מיט איהר פּעטליכען מאַן, מיט איהרע פינף צימערען, און מיט די מאַהאָגאַני מעבעל. זי וואָלט געווען אויסגעלעבט איהרע יאָהרען שטריקענדיג סוועדערס, אויסנעהענדיג בלימעלעך אויף טישטיכער און באַריידען די שכנים. האָט זיך אָבער אַריינגעמישט איהרע א קוזינע און געמאַכט אַן איבערקערענים אין סאָניא׳ס לעבען.

די קוזינע איז געווען אַן עלטערע מיידעל, וואָס האָט געוואוסט אַלצדינג. וואו ערגעץ אַ קאָנצערט, אַ באָל, אַ באַנקעט, האָט זי ניט אויסגעפעלט, אפילו אין די רעסטאָראַנען וואו שרייבער קומען, איז זי אויך געווען. זי האָט געוואוסט וואָס אָריענטאַליש איז, און שטאַרק געהאַלטען פון׳ם יאַפּאַניזישען סטיל אין קליידונג; איז זי געגאַנגען אָנגעטאָן אין יאַפּאַנעזישע בלוזעס, און ניט געקענט פאַרשטעהן פאַרוואָס —מיידלעך טראָגען אייראָפּעאישע קליידער. „דאָס איז דאָך געשמאַקלאָז און אומערטרעגליך!" האָט זי געשריען מיט כעס, און אזוי לאַנג אַגיטירט סאָניאַן, ביז סאָניא האָט זיך געלאָזט אָנטאָן אַ יאַפּאַנעזישע בלוזע, און טאַקע הנאה געהאַט געהאַט דערפון אויך.

„אַז מען טראָגט קליידער אינ׳ם יאַפּאַנעזישען סטיל, זיצט מען ניט אין דערהיים און מען קאָכט וועטשערע", האָט די קוזינע גע׳טענה׳ט.

„וואו זאָל איך געהן?" האָט סאָניא צושראָקען געפרעגט, ווייל פאַר די לאַנדסלייט קען זי זיך דאָך ניט ווייזען אין אַזאַ משונה׳דיגען יאַק, זיי וועלען דאָך מיינען אַז זי איז פון זינען אַראָפּ.

„קום! איך וועל דיך שוין פיהרען וואו דו באַדאַרפסט צו זיין אין אַזאַ אַרטיסטישע קליידונג", האָט איהר די קוזינע געענטפערט, און נאָך אַ לאַנגען קוק אין שפּיגעל זיינען ביידע קוזינעס אַוועק אינ׳ם ליטעראַרישען רעסטאָראַן.

סאָלשאַ׳ן, די עלטערע קוזינע, האָבען שוין די ליטעראַטען געקענט. האָבען זיי זיך שנעל אָפּגעקערט פון איהר און זיך גענומען קוקען אויף סאָניא׳ן.

ווער איז זי? האָבען זיי זיך געוואונדערט און באַלד געטראָפען, אַז דאָס איז סאָלשאַ׳ס אַ שוועסטער.

„ניין, אַ קוזינע", — האָט סאָלשאַ זיי פאַרריכט.

„זי איז זעהר עהנליך צו אייך," האָט איין ליטעראַט באַמערקט, כאָטש סאָניא איז געווען אַ בלאָנדע, מיט אַ פּאָר קליינע מוטנע אייגעלעך, און סאָלשאַ איז געווען ברוין ווי אַן אַזיאַטקע, מיט אַ פּאָר גרויסע פּעכיגע אויגען; זיי האָבען כמעט אויסגעזעהן ווי פון צוויי באַזונדערע ראַסען.

„אַזוי, מיר זיינען עהנליך איינס צום אַנדערען!" — האָט זיך סאָניא געוואונדערט.

„שוין גאָט צו דאַנקען איבער דרייסיג יאָהר, אַז מיר זיינען קוזינעס, און איך האָב עס ניט געוואוסט, גאָט ווייס וואָס נאָך מיר קענען זיך דאָ דערוויסען ווען אונז ביידען אַריינקומענדיג אַהער. מיר קענען זיך נאָך אפשר דערוויסען, אַז מיר זיינען שעהנע אויך. ווער ווייס?" האָט זיך סאָלשאַ געוויצעלט.

„וואָס מיינט איהר? איהר זייט דען חלילה ניט קיין שעהנע? זאָל איך האָבען אַזאַ יאָהר," — האָט זיי דער ליטעראַט געשמייכעלט, און סאָניא מיט סאָלטשאַ׳ן האָבען זיך צולאַכט, יעדע מיט אַ באַזונדערען געלעכטער.

נאָך אַזאַ וויזיט אין דער ליטעראַרישער קאַפּעע, האָט שוין סאָניא סאָלטשאַ׳ן אונטערגעאיילט צו געהן אַהין, און זייערע וויזיטען זיינען געוואָרען וואָס אַמאָל אָפטער. און אַז סאָניא האָט געזעהן, אַז שרייבער זיינען פּונקט ווי געוועהנליכע מענשען, האָט זי געטראַכט — פאַר וואָס זאָל זי ניט ווערען אַ שרייבערין? ס׳איז דען אַזאַ שווערע זאַך? מען שרייבט אַן אַ ליעד, מען ברייננגט עס אין קאַפּעע, דאָרט לויבט מען וואו עס טויג און מען מאַכט צורעכט וואו עס טויג ניט. גיט מען עס אַוועק דרוקען און מען ווערט באַריהמט. אַ טייערע זאַך! האָט זיך סאָניא געפרעהט, און די אַמביציע צו ווערען אַ שרייבערין איז ביי איהר געוואַקסען פון מינוט.

ביים שרייב־טיש, איבער אַ ווייסען בויגען פּאַפּיר, אין . . .
שרייבערשע פּאָזע, איז סאָניא געזעסען, — און כאָטש נע . . .
און הרג׳ע זיך, קומט ניט קיין אָנהייב. ווען זי האָט שוין דע . . .
אָנהייב וואָלט עס שוין אַוועק, טראַכט זי זיך, און דער אָנהיי . . .
וויל דוקא ניט קומען. געוואַלד, וואָס טוט מען? — איז . . .
פאַרצווייפעלט געוואָרען. האָט זי געקלאַפּט מיט׳ן בלייפער . . .
אָן טיש, געזוכט ביי זיך אין די געדאַנקען, און — ניטאַ . . .

אַ פּאָר שטונדען איז זי אַזוי אָפּגעזעסען, זיך מאַטערענדי . . .
און קיין אָנהייב איז ניט געווען; נאָר געקומען איז איהר מ . . .
אַ פאַרהאָרעוועטער פון פאַבריק, און איהם איז גאָר ניט אַ . . .
געגאַנגען צי זי האָט אַן אָנהייב, צי ניט, — ער האָט געוואָל . . .
עסען.

— „עסען, עסען", האָט זי איהם נאָכגעקרימט, „ב . . .
איהם איז נאָר וויכטיג עסען."

„און וואָס איז ביי דיר וויכטיג?" האָט ער געוואָל . . .
וויסען.

„ביי מיר איז וויכטיג די קונסט, די שעהנקייט!" . . .

— „אָבער אַז מען איז הונגעריג?"

— „הונגעריג, פאַר וואָס בין איך ניט הונגעריג? א . . .
האָב היינט אויך גאָר נישט געגעסען."

„דו ביזט זאַט מיט קונסט, אָבער ביי מיר אין פּאַבר . . .
איז ניטאָ קיין קונסט; טאָ גיב מיר עסען, דאָס האַרץ פאַלט ס . . .
ארויס!"

אַז סאָניא האָט געזעהען אַז זי דאַרף פאָרט געבען ה . . .
מאַן עסען, האָט זי זיך פאַר צדות שיער ניט צוואַויינט. א . . .
הויז איז ניט געווען קיין ביסען ברויט אפילו און זי האָ . . .
ערשט געמוזט געהן אין גראָסערי קויפען עפּעס אויף וועטשער . . .
איהר מאַן איז דערווייל געזעסען אַ הונגעריגער, און געטראַכט . . .
וואָס איז דאָ געוואָרען ביי איהם אין הויז? מילא בלוזעס א . . .
יאַפּאַנעזישען סטיל, אָפּגעשאָרענע האָאַר מיט אַ פּאָלעריג . . .
זאָל שוין זיין אַזאַ מאָדע — מען קען דערפון ניט שטאַרבע . . .
אָבער אַז הונגערען איז אַ מאָדע, דאָס איז ביטער ווי גאַל. . . .
ער האָט באַשלאָסען אַז דאָס געפעהלט איהם ניט.

נאָך וועטשערע האָט זיך סאָניא ווידער גענומען צו ה . . .
אָנהייב פון איהר קונסטווערק, און דער אָנהייב איז וויד . . .
ניט געקומען. האָט זי זיך באַרעכענעט אַז זי וועט נאָר עפּ . . .
איבערזעצען. סאָלשאַ האָט אויך איבערזעצט אַ ליעד, . . .
דוקא אַ יאַפּאַנעזיש ליעד פון ענגליש, וועט זי איבערזעצען . . .
יאַפּאַנעזיש ליעד פון רוסיש. אַ פיינע אידעע! — האָט
זיך געפרעהט און זיך גענומען צו דער אַרבייט.

ביז שפּעט ביינאַכט איז זי געזעסען ביי דער איבערזעצו . . .
און אַז זי האָט עס פאַרטיג געמאַכט איז זי געווען אַזוי ענ . . .
ציקט, אַז זי האָט אַזש איבערגעקערט די טינט.

„איסאַק! איסאַק!" האָט זי געשריען צום מאַן, וועלכ . . .
איז שוין געשלאָפען.

„וואָס?" האָט ער זיך דערשראָקען.

„איך האָב עס!"

„וואָס האָסטו?"

„די איבערזעצונג!"

נאָך דער איבערזעצונג האָט סאָניא געמאַכט נאָך אַ פּ . . .
איבערזעצונגען, און נאָכדעם טאַקע אַליין אָנגעשריבען אַ לי . . .
שונאים, וואָס האָבען איהר דעם ערפאָלג ניט פאַרגונען, האָ . . .
געזאָגט, אַז דאָס איז אויך אַן איבערזעצונג, ס׳איז צו פּ . . .
אינ׳ם יאַפּאַנעזישען סטיל אַז אַן אייראָפּעאישע דאַמע . . .
עס קענען אָנשרייבען. נאָר ווער האָט זיי געהערט, די נ . . .
פאַרגינער?

סאָניא איז אין אַ קורצער צייט באַריהמט געוואָרען, סאָלשאַ האָט גרויס נחת געהאַט פון איהר.

איצט געהט סאָניא אַרום אין די ליטעראַרישע קאַפּעען . . .
גרויס שטאָלץ. די ליטעראַטען נעמען איהר אויף מיט קאָמפּ . . .
מענטען, אַז איהרע ווערק זיינען געניאַל, און געוועהנליכע . . .
שען האַלטען פאַר אַ כבוד, אַז זי רעדט צו זיי אויס אַ וואָרט . . .

# דער צוזאמענפאר פון די ארבייטער רינג שולען

פון יעקב לעווין

יעדע צוזאמענקונפט פון טוער פון א געוויסער באוועגונג ברענגט ארויס בולט'ער דעם אינהאלט און די טענדענצען, די עלות און די פעהלערן פון דער באוועגונג; יעדע צוזאמענקונפט זאג לערנט אונז עפעס. וואס לערנט אונז דער ערשטער צוזאמענפאהר פון די לערער און טוער פון די א. ר. שולען?

זייענדיג ביים צוזאמענפאהר די גאנצע צייט, פון דער ערעפענונג ביז'ן שלום, און צוקוקענדיג זיך צו די אנטיילנעהמער, צו די פארהאנדלונגען און צו דער סביבה, צו דער באציהונג צום צוזאמענפאהר מצד דעם „ארום“ און נאכדענקענדיג וועגען דעם אלעם, האב איך געלערנט פאלגענדעס:

ע ר ש ט ע נ ס: די שולען אינ'ם א. ר. זיינען נ י ט יין צייטווייליגע אינסטיטוציע, וואס איז געשאפען געווארען אנץ שנעל, און וואס קאן דעריבער פונקט אזוי שנעל צופאלען. י שולען האבען שוין געלאזען טיפע ווארצלען אויף דער אידי־ער ארבייטער־גאס. און ניט קוקענדיג אויף זייערע דעפיציטען יינען זיי גענוג פעסט, אנטייל צו נעמען אין די וויכטיגסטע עמיינשאפטליכע אונטערנעמונגען. פון די 27 א. ר. שולען, ואס זיינען געווען אין דער צייט פון צוזאמענפאר, האבען 23 עשיקט דעלעגאטען. דער בילדונגס־קאמיטעט האט ביינע־טיערט פאר די דעלעגאטען בלויז אן אומבאדייטענדען, כמעט מיזעראבלען טייל פון דעם פרייז פון באהן־בילעט, און דאס ויך ניט פאר אלע דעלעגאטען. קיין 12 דאלער א טאג אויף וצאות — אפילו קיין 1 דאלער א טאג אויף הוצאות — האבען די דעלעגאטען פון בילדונגס־קאמיטעט ניט באקומען. און אך זיינען די שולען גענוג פעסט און גענוג טיעף פאראינטערע־ירט אין דער זאך, אז זיי האבען געשיקט דעלעגאטען.

צ ו ו י י ט ע נ ס: אז דער אינטערעס צו די א. ר. ולען אויף די ערטער מצד דער ברייטער מיטגלידערשאפט פון ר. איז א גוואלדיגע. דער אדער יענער איינצעלנער מיט־יער פון א. ר., אפטמאל פון די טוער, הורכגעדרונגען נאך יט דעם אלטען אסימילאציאנס־גייסט, איז נאך פארבליבען יי זיין אלטער עקשנות'דיגער, נעגאטיווער שטעלונג צו די ידישע שולען. אבער די ברייטע מיטגלידערשאפט איז פאר י שולען באגייסטערט. די שולען האבען געגעבען דעם פאסי־ן ענטפער אויף איינער פון די שווערסטע פראגען, וואס איז אר זיי ענטשטאנען — אויף דער פראגע פון ערציהען זייערע נדער אזוי, אז יענע זאלען פון זיי ניט אפגעריסען ווערען ן עס זאל זיך צווישען זיי ניט אויסבילדען קיין תהום פון ט פארשטעהן איינע די אנדערע און פון גרינגשעצונג און פילו פון פארבארגענער שנאה, וואס שטאמט פון גרינגשע־נג. אין יעדער שטאדט, וואו עס זיינען פאראן א שול אדער ולען (אויסער ניו־יארק דערווייל), האבען אלע מיטגלידער ך באשטייערט פאר די נויטען פון די שולען מיט פארהעלטניס־סיג זעהר גרויסע סומען: אין פילאדעלפיא, למשל, מיט 60 נט א יאהר, אין באלטימאר מיט א (1) דאלער יאהר און ן שיקאגא אפילו מיט 2 דאלער יעדער. און לויט די בא־כטען איז קלאר, אז דאס איז נאך ניט דער גרענעץ, ווען עס נט נויטיג זיין, וועלען די מיטגלידער געבען מעהר.

כמעט יעדע א. ר. שול איז שוין פארוואנדעלט געווארען ן אן אמת'ען קולטור־צענטער פאר די אידישע ארבייטער. ציהט צו זיך צו די בעסטע, קולטורעלסטע ארבייטער־עלע־נטען, וועקט אין זיי אויף דעם חשק צו געזעלשאפטליכער בייט, רופט ביי זיי ארויס מעהר אינטערעס צו גייסטיג־לטורעלע פראגען און הייבט אן אין פיעלע ערטער צו פאר־רייטען בילדונג אויף צווישען דערוואקסענע.

ד ר י ט ע נ ס: אז אין די אפיציעלע קרייזען פונ'ם ר. איז די באציהונג צו די שולען דערווייל נאך מעהר־ווייניגער קאלטע. דער גאנצער צוזאמענפאר איז כמעט ווי באיקאטירט ווארען פון זיי: אויסער וואס אויף דער ערעפענונג פונ'ם אמענפאר זיינען געווען עטליכע אפיציעלע פארטרעטער 'ם א. ר., איז ביי אלע איבעריגע זיצונגען פונ'ם צוזאמענ־ר קיינער פון דער פארוואלטונג ניט געווען, א חוץ דעם קרעטער און איינעם א מיטגליד פון דעם בילדונגס־קאמיטעט. ת, אין דער אפוועזענהייט פון דעם אפיציעלען פארטרעטער פון דער עקזעקוטיווע איז דער שרייבער פונ'ם ארטיקעל אליין שולדיג דורך זיינעם א פארזעהן). ניט פיעל מעהר אויפמערק־זאמקייט איז געשענקט געווארען דער גאנצער שול־באוועגונג פונ' סא. ר. אין אלע באריכטען פון דער עקזעקוטיווע סיי אין דער פרעסע, סיי אויף דער לעצטער קאנווענשאן. מען האט דארט וועגען די שולען געפונען פאר מעגליך צו פארלירען בלויז א פאר צופעליגע און אייליגע באמערקונגען, אזוי ווי מען וואלט זיך מיט זיי געשעמט, אזוי ווי זיי וואלטען געווען אן אומגעזעצליך קינד, וועגען וועמען עס איז בעסער וואס ווייניגער צו דערמאנען.

געוויס, ארויסטרעטען אפען געגען די שולען קאן שוין איצט ניט קיינער פון די טוער פון א. ר.; אויסער אזא אומאפ־הענגיגען מענשען, ווי אונזער געוועזענער קאנגרעסמאן, וועלכער געפינט פאר נויטיג ביי יעדער געלעגענהייט א שנעל צו טאן די שולען און אויסלאכען זיי, הגם ער טוט עס אלעמאל אזוי, אז עס ווערט גלייך קענטיג, אז ער האט ניט די מינדס־טע באקאנטשאפט מיט'ן אמת'ען זין און אינהאלט פון די שולען. אבער מיט זייער קאלטקייט און מיט זייער ביטול, מיט זייער אפענער גלייכגילטיגקייט לייגען די טוער גענוג שטיינער אויפ'ן וועג פון דער ענטוויקלונג פון דער א. ר. שול־באוועגונג, וועלכע וואלט ביי א מעהר סימפאטישער באציהונג זיך צוואוואק־סען ניט אין אן ערך ברייטער.

ווען מען רעדט וועגען דער נויטיגקייט פון די א. ר. שולען, וואלט מען שטענדיג געדארפט אנווייזען בלויז אויף דעם, אז זיי זיינען נויטיג פאר די מיטגלידער פון א. ר. און פאר די טויזענדע ארבייטער בכלל, כדי צוצובינדען זייערע קינדער צו זיי און צו זייערע בעסערע אידעאלען, כדי צוצוגרייטען זייערע קינדער, יענע זאלען קאנען פארטזעצען דעם קאמף פון זייערע ארבייטער־עלטערן פאר א בעסערער צוקונפט. קומט מען אבער צו די ט ו ע ר פונ'ם א. ר., קומט גאר אוים צו בארעכטיגען די שולען דערמיט, וואס זיינען נייטיג פאר דער עקזיסטענץ און ענטוויקלונג פון דעם א. ר. אליין. מען דארף אנווייזען אויף דעם, אז די א. ר. מיטגלידער זיינען שוין א ביסעל עלטער און קאנען זיך שוין ניט באגייסטערן מיט אזעלכע פראגען ווי אויסצאלען בענעפיט א קראנקען מיטגליעד, שטיצען די אדער יענע „סאסייעטי“ מיט א האלבען דאלער א. ד. ג. און אז דערפאר קומען זיי ניט צו די מיטינגען. אז די זעקס דאלער א וואך בענעפיט האבען געהאט א גרויסע באדייטונג דאן, ווען דער ארבייטער האט פארדינט 12 דאלער א וואך; אבער איצט, אז ער פארדינט זעכציג, שפילען שוין די זעקס דאלער ניט אזא גוואלדיגע ראלע, און דער אינטערעס צום א. ר., צו דער מ א־ט ע ר י ע ל ע ר זייט פונ'ם א. ר. מצד זיין מיטגלידערשאפט האלט אין פאלען; אז די מיטגלידערשאפט פונ'ם א. ר. ווערט עלטער און דער יונגער דור, וואס קאן ניט קיין אידיש, געהט אוועק אן א זייט און דער א. ר. קאן ניט האפען אין דער צוקונפט צו שעפען פון איהם, פון דעם יונגען דור, זיינע רע־קרוטען. און אז די שולען זיינען נויטיג כדי אריינצוגיסען נייעם אינטערעס אין די ברענטש־מיטינגען, כדי צו געבען די א. ר. מיטגלידער א נייעם בענעפיט, וואס איז פאר זיי, פאר די מאסען, שטארק נויטיג, און כדי צו שאפען נייע רעקרוטען פאר'ן א. ר.

די דאזיגע מאטיווען אליין באווייזען שוין גענוג בולט, ווי ווייניג פיעל טוער פונ'ם א. ר. זיינען נאך דורכגעדרונגען מיט'ן פארשטעהן און פיהלען די אמתע באדייטונג פון דער א. ר. שול, מיט איהר ראלע אלס וועגווייזערין פאר דעם יונגען דור פון די אידישע ארבייטער־קינדער, אלס ערציהערין פון דער קינפ־טיגער אינטעליגענץ און פון די קומענדיגע שאפענדע כוחות אויף דער אידישער ארבייטער־גאס.

פ ע ר ט ע נ ס: די א. ר. שול איז נאך ניט אומעטום דאס, וואס זי וואלט באדארפט זיין, וואס איהרע שעפער וואל־טען געוואלט עס זאל זיין. אין איניגע ערטער איז זי נאך אלץ א נאציאנאל־ראדיקאלע שול, וואס שפיגעלט בלויז דעם נאמען „א. ר. שול“. עס איז נאך אין איהר פארבליבען די אלטע האלב־ראמאנטישע, האלב־בטל'ישע באציהונג צו דער אידי־

שער פאַרגאַנגענהייט — סיי צו דער ווייטער, סיי צו דער נאָ־
הענטער, — און צו אַלץ, וואָס טראָגט אויף זיך דעם נאָמען אידיש, און זאָל דאָס אפילו זיין אינהאַלטלאָז, אָדער אפילו נאַריש. מען ליינט אין אָט אַזאַ שול צו אַ ביסעל ראַדיקאַלערע ראַדיקאַלעבץ אין דעם פאָרם פון אַ געשפּערך וועגען אַ סטרייק אָדער נאָר פון רעוואָלוציאָנערער אַגיטאַציע מצד דעם לערער, און דאָס דאַרף שוין באַרעכטיגען איהר אַ. ר. נאָמען. אין איי־ניגע שולען וועט דאָס אויך ניט געטאָן. און פון דער אַנדער זייט זיינען נאָך פאַראַן שולען, וועלכע זיינען נאָך אַלץ ניט מעהר, ווי „סאָציאַליסטישע סאַנדיי־סקולס" אויף אידיש; וואו אויסער אויסלערנען לייענען און שרייבען אידיש, באַשטעהט די תורה אין  פּ ר ע ד י ג ע ן  מישטיינס־געזאָגט סאָציאַליזם אין דער פאָרם מעהרסטענטייל פון אַגיטאַציע, און וואו יעדע זאַך, וואָס טראָגט אויף זיך אַ שאָטען פון אידישער שאַפונג, אַפילו פון געזונטער אידישער שאַפונג, איז טריף.

די צאָהל פון אַזעלכע שולען פון ביידע טיפען, איז, אמת, ניט גרויס. אָבער זיי זיינען נאָך דערווייל, ביז'ן צוזאַמענפאָר וויניגסטענס, געווען. די אורזאַך דערפון איז ערשטענס דאָס, וואָס די אויפקלערונג וועגען דעם אמת'ן אינהאַלט פון די אַ. ר. שולען איז נאָך ניט גענוג ברייט פאַרשפּרייט צווישען די אַ. ר. מיטגלידער. צווייטענס, וואָס עס איז נאָך ניט געווען אויס־געאַרבייט קיין איינהייטליכער פּראָגראַם פאַר די שולען. און דריטענס דאָס, וואָס ניט אַלע לערער פון די אַ. ר. שולען זיינען דורכגעדרונגען מיט דעם גייסט פון דער אַ. ר. שול, מיט איהר וועלטליכקייט, מיט איהר פרייהייטליכקייט, מיט איהר אידעאַ־ליסטישען רעאַליזם, קורץ, מיט'ן גייסט פון  א י ד י ש ע ן  סאָציאַליזם, פון דער אידישער סאָציאַליסטישער ענטוויקלונג און פון איד. סאָצ. שאַפונג.

דער צוזאַמענפאָר האָט אין הינזיכט פון „פאַראַרבייטער־רינגעוועון", אויב מען קען זיך אַזוי אויסדריקען, די אַ. ר. שולען, זעהר פיעל אָנגעטאָן. אויף איהם זיינען פאַר די דעלעגאַטען ווענינגסטענס, פיעל קלערער געוואָרען סיי די ציעלען פון דער אַ. ר. שול, סיי איהר אינהאַלט, און דורך די דעלעגאַטען וועט דער ריכטיגער בליק אויף דעם עצם פון דער שול איבערגעטראָ־גען ווערען אויך אויף די ערטער. דער צוזאַמענפאָהר האָט, ווידער, אויסגעאַרבייט אַ גענויע פּראָגראַם, האָט, אַזוי צו זאָ־גען, אָנגעפילט מיט אינהאַלט דעם חלל פון די פיער יאָהר לערנען אין דער שול און האָט פאַרפליכט די שולען די פּראָ־גראַם נאָכצופאָלגען.

די פראַגע פון ענדערען די באַציהונג פון די לערער צו דעם גייסט פון דער שול איז שוין אַ שווערערע. דער צוזאַמענפאָר האָט געקאָנט אויפקלערען די, וואָס האָבען זיך אין אויפקלערונג גענויטיגט; ער האָט געקאָנט באַרייכערען מיט געוויסע ידיעות די, וועמען די ידיעות האָבען געפעהלט. אָבער ער האָט ניט געקאָנט איבעראַנדערשען אַ גאַנצע רייע גייסטיגע נייגונגען פון די לערער, וואָס האָבען זיך ביי זיי איינגעוואָרצעלט אין משך פון יאָהרען, אויב אַזעלכע נייגונגען זיינען ניט אין האַרמאָניע מיט'ן גייסט פון דער אַ. ר. שול. און אויב דער בילדונגס־קאָמיטעט וועט ניט איינשטעלען אַ געוויסען ווירקליכען קאָנ־טראָל איבער די שולען וועט קיין איינהייטליכקייט אין די אַ. ר. שולען נאָך אַלץ נים זיין, קיין איינהייטליכקייט אין גייסט מיין איך, און אַ סך שולען וועלען אויף אויף ווייטער פאַרבלייבען אַ. ר. שולען בלויז לויט זייער נאָמען.

פ י נ פ ט ע נ ס : דער נאַציאָנאַלער בילדונגס קאָמיטעט האָט ביז איצט מעהר אָדער וועניגער געהאָלפען צו פאַרברייטערען די אידישע אַ. ר. שולען, ער האָט אָבער כמעט ווי גאָרנישט געטאָן זיי צו פאַרטיפען. ער האָט געגעבען יעדער שול אַ סובסידיע, זי זאָל זיך קאָנען עפענען; ער האָט גע־שטיצט די עקזיסטירענדע שולען, כדי צו דעקען כאָטש טיילוויז זייערע דעפיציטען; ער האָט איינגעאָרדנעט לערער־קורסען, הגם זעהר קורצטערמיניגע, כדי כאָטש וויפיעל עס איז צו פאַר־קלענערען דעם מאַנגעל אין לערער. אָבער ביי יעדער שול, קוים האָט זי זיך געגרינדעט, וואַקסט אויס אַ גאַנצע רייע באַדער־פעניש, וועלכע זי קאָן אַליין בשום אופן ניט באַפרידיגען.

כדי צו דעקען דעם דעפיציט, וואָס זי אַליין מאַכט, פאָ־דערט זי אַ גרעסערע אָרטיגע ביישטייערונג פון די אַ. ר. מיט־גלידער, אָדער זי לייגט אריין אַ ביסעלע טיפער איהר האַנט אין קעשענע פון די מיטגלידער, וואָס שטעהען נעהענטער צו איהר, אָדער זי מאַכט נאָך אַן אונטערנעמונג. און איז דער בילדונגס־קאָמיטעט „שלעכט" און ניט וויינינגער מיט 100 דאָ־לער, גיט מען זיך שוין ווי עס איז אַליין אַן עצה. אָבער אַרויס־געבען אַ לערער־זשורנאַל, כדי צו געבען די לערער אַ מעגליכ־קייט צו אָריענטירען זיך בעסער אין אַלע פּעדאַגאָגישע און מעטאָדישע פראַגען, וואָס האָבען אַ דירעקטע שיכות צו דער שול, דאָס קאָן אַן איינצעלנע שול בשום אופן ניט. און אַרויס־געבען אַליין אַ קינדער־זשורנאַל אָדער קינדער־ליטעראַטור, כדי צו באַפרידיגען די באַדערפעניש פון די קינדער אין גוטען און צוגענגליכען לעז־מאַטעריאַל, דאָס קאָן שוין יעדע איינצעלנע שול פאַר זיך ווידער בשום אופן ניט. און שאַפען פאַרשיי־דענע נייטיגע שול־מכשירים פאַר דער אידישער שול, ווי ספּע־ציעלע העפטען, שול־זשורנאַלען, שול־בילדער א. ה. ג., דאָס קאָן אויך יעדע שול אַליין ניט טאָן.

דאָס אַלץ זיינען זאַכען, וואָס נאָר אַלע שולען צוזאַמע קאָנען דאָס אַרויסגעבען. און ווער איז איצט דער, וואָס פאַר בינדט די אַלע אַ. ר. שולען, אויב ניט דער בילדונגס־קאָמיטעט ער האָט דאָס געמוזט טאָן. צי וואָלט ער צוגעלייגט געלט דערצו, צי וואָלטען די שולען ביישטייערט יעדע איהר חל דורך אָבאָנירען זיך אויף די זשורנאַלען און דורך קויפען ד ביכער, איז שווער צו זאָגען. אָבער אַפילו, ווען דער בילדונגס קאָמיטעט וואָלט געדאַרפט צולייגען צו די אַלע אונטערנעמונג אַ געוויסע סומע פון שול־פאָנד, וואָלטען די אויסגאַבען אוי דעם זיך אויסגעקויפט מיט אַ מורא'דיגען מותרות, ווייל זי וואָלטען געגעבען אַ מעגליכקייט די שולען צו ענטוויקלען זיך צו פאַרטיפען זיך, און אַרויסצורופען מעהר סימפּאַטיע בי דעם ברייטען אַ. ר. עולם, וואָס עס וואָלט זיי פיעל פאַרפעסטיג

אַלע דעלעגאַטען צום צוזאַמענפאָר האָבען דעריבער שטאַר באַטאָנט די אויפפאָדערונג, דער בילד. קאָמ. זאָל זעהן גליי אָנהייבען אַרויסגעבען די אַלע זאַכען, אין וועלכע אַלע שול נייטיגען זיך און וועלכע יעדע שול באַזונדער קאָן ניט אַרויס געבען, ווי אַ לערער־זשורנאַל, אַ קינדער־זשורנאַל און שול מכשירים.

דער בילד.־קאָמ. האָט ביז איצט אויך נאָך זעהר וויינ געטאָן צו פאַרטיפען די שולען אין אַן אַנדער הינזיכט: אי אַריינברענגען אין זיי פאַרשיידענע עלעמענטען פון קונסט. אי די שולען איז, ווייזט זיך אַרויס, כמעט אומעטום אַוועקגע שטעלט גאַנץ שלעכט דאָס זינגען, ווייל עס פעהלען געזאַנג לערער און ווייל עס איז שווער און אָפּט אונמעגליך, באַזונדער אין די קלענערע שטעט, צו קריגען די נויטיגע נאָטען. אַ ס שולען פיהלען די נויטיגקייט איינצופיהרען אין די שולען מוזי אויך טענץ און מאַלעריי; אָבער דער בילד. קאָמ. האָט בי איצט וועגען דעם אַלעם גאָרנישט צוגעגרייט און מיט קי זאַך דערצו ניט געהאָלפען.

ז ע ק ס ט ע נ ס : דער עקזיסטירענדער טעקס פאַ די אַ. ר. שולען — די 5 סענט אַ קוואַרטאַל, איז מעהר וו וויינינג כדי צו באַפרידיגען כאָטש וויפיעל עס איז די אַל וואַקסענדע באַדערפענישען פון דער אַ. ר. שול־באַוועגונג. גע בען אַ סובסידיע די נייע שולען ביי זייער ערעפענונג מו מען (און די צאָהל פון אַזוינע שולען וועט היי־יאָהר זיין כ הסתם אַרום 25־30). אַרויסהעלפען יעדער שול כאָטש מי וויפיעל עס איז, כדי צו העלפען דעקען איהר דעפיציט, אי אויך נייטיג (און די צאָהל פון די אַ. ר. שולען וועט אין סו פון דעם יאָהר זיכער זיין העכער 50). און דאָס אַרויסגעב פונ'ם קינדער־זשורנאַל און קינדער־ליטעראַטור, פונ'ם לערער זשורנאַל און שול־מכשירים, וועט אויך מסתמא קאָסטען. א איינשטעלען אַ געוויסען קאָנטראָל און אַרויסהעלפען סיי ד נייע סיי די אַלטע שולען מיט ראַט און טאַט, וועט אויך קאָ טען; און איינאָרדנען קורסען פאַר לערער און פאַר געזאַנגס־לע רער, וואָס איז זיבער זעהר נייטיג, דאַרף אויך קאָסטען. אוי אַלץ צוזאַמען וואָלט מען געדאַרפט האָבען אַ טעקס ניט פ פינף סענט, און אַפילו ניט פון 8 סענט, ווי די קאָנווענש האָט באַשלאָסען צו שטעלען אויפ'ן באַלאָט, נאָר וויניגסטענ פון 15 סענט אַ קוואַרטאַל. די שול־טוער וועלען דאַרפען ז זאָך גוט קלאָר מאַכען אויף די ערטער, כדי מען זאָל וויינ סטענס דאָס נעכסטע יאָהר קאָנען דורכפיהרען  ד ע ם  נ ט י נ ע ן  טעקס.

דער צוזאַמענפאָר האָט אָפּגעאַרבייט דריי טעג און האָ אָנגענומען אַ רייע רעקאָמענדאַציעס וועגען די פאַרשיידענ פראַגען, וואָס זיינען געשטאַנען אויפ'ן טאָג־אָרדנונג. די אי רעקאָמענדאַציעס זיינען פונ'ם שטאַנדפּונקט פון דער שו באַוועגונג זעהר וויכטיג און ווילען האָבען אַ גרויסען איי פלוס אויף דער גאַנצער ווייטערדיגער ענטוויקלונג פון אָט ד באַוועגונג. איך וועל אַ צווייטען מאָל פּרוּוון אַנאַליזירען אַלע רעקאָמענדאַציעס.

נח שטיינבערג:

# ווער זיינען די יונגע שרייבער?

— 2 —

נאָר מיט דעם ארויסגעבען די צוויי זאַמעלביכער „ליטע־ זטור", איבערהויפּט מיט דעם צווייטען בוך, האָבען זיי שוין בראַכט נייעס, און בייציימענס. אין דעם צווייטען זאַמעל־ ך „ליטעראַטור" האָט איגנאַטאָוו אָפּגעדרוקט איינע פון זיי־ בעסטע זאַכען, „אַ ווינטער נאַכט". אויך אָפּאַטאָשו האָט ין דאָרט געהאַט אַ באַדייטענדע ערצעהלונג פון דער אונטער־ גט, מיט דעם נאָמען: „אויף יענער זייט בריק". לאַפּין ט דאָרט געהאַט שעהנע לידער. — לאַפּין האָט שוין געהאַט רוקט אייגענאַרטיגע לידער פון פריהער, און זיי האָבען האָט זייער איינפלוס. — אָבער דאָס באַדייטענדסטע איז יתן מאַני לייב'ס אַ גרויסע סעריע לידער. די לידער האָבען דעט זאַמעלבוך מיט זיך געבראַכט אַזוי פיעל פרישקייט, י פיעל אַנדערשקייט און אַזאַ פּאָעטישע שעהנקייט, אַז מען זאָגען אַז פון דעמאָלט אָן האָט די אידישע פּאָעזיע אָנגע־ יען אַ גאַנץ נייעם טאָן.

איך וועל בלויז ברענגען פּיער שורות פון יענע לידער און ן ווי ניי זיין אַרט שרייבען איז דעמאָלט געוועזען. און אפילו נס האָבען נאָך די לידער ניט פאַרלאָרען זייער פרישקייט:

„טויבענשטילע, בלויע אָווענטשטונדען
שפּרייט מיין אָווענט־שטילען טרוים צושפּרייטער!
איצטער גליהען גלוטיגער און רויטער
מיינע רויטע רויזען — מיינע וואונדען!"

אין דער ערשטער שורה זעהען מיר איין נייע זאַך וואָס ביז דעמאָלט ניט געוועזען אין דער אידישער פּאָעזיע, דאָס בילדליכקייט. אנשטאַט דער דיכטער זאָל איך צעהלען פון אַן אָווענט מיט טויטע, אַבסטראַקטע ווערטער, ער איך איבער די שטימונג דורך בילדער. ווען ער זאָגט ך „טויבענשטילע בלויע אָווענט־שטונדען", דערפיהלט איהר די בילדער די שטילקייט פון דעם אָווענט. אנשטאַט דער טער זאָל דערצעהלען מיט אַ זשורנאַליסטישען סטיל, האָט אָנגעהויבען באַנוצען בילדער און פאַרבען.

אָבער אויסער די בילדליכקייט, באַמערקט איהר נאָך אַ די קורצקייט פון זאַץ. ער זאָגט אייך ניט: עס זיינען אַלט געוועזען שטילע, בלויע אָווענשטונדען, אַזוי שטיל ווי ילע טויבען. די ווערטער „עס זיינען דעמאָלט געוועזען", און ווארט „ווי", האָט ער אין גאַנצען אויסגעלאָזען. ער האָט ויט דעם זאַץ פון לויטער בילדער, אָהן זייטיגע ווערטער.

איהר וועט באַמערקען נאָך עפּעס. דער דיכטער האָט ניט מורא צו בויען דעם זאַץ ניט לויט דער געוועהנליכער לאָ־ ער האָט ניט קיין מורא צו זאָגען: „מיינע רויטע רויזען, ע וואונדען", און אויסלאָזען די עטליכע פאַרבינדונגס־ווער־ אונזערע דיכטער וואָלטען געשריבען:

„מיינע וואונדען זיינען געוועזען רויט ווי רויטע ראָזען", דער זאַץ וואָלט געוועזען לאָגישער אין זיין געבוי. אָבער ליד וואָלט שוין ניט געמאַכט קיין שעהנעם איינדרוק. עס ם געווען צוצויגען, וואָוגאַר, און נאַקעט ארויסגעשטעלט ואונדען. עס וואָלט אייך דערמאָגט אָן פלייש'נע וואונדען, די צאַרטע שטימונג וואָלט שוין געווען איבערגעפיהרט. אין אמת'ן האָט ער אייך ניט געוואָלט דערצעהלען פון קער־ ליכע וואונדען. ער האָט געוואָלט איבערגעבען גייסטיגע ען, אַ שטאַרקע עראָטישע שטימונג, נאָר אַזוי ווי די מענש־ שפּראַך האָט ניט גענוג ווערטער פאַר גייסטיגע איבערלע־ ען, דערפאַר דאַרף דער דיכטער געברויכען בילדער, פאַר־ נונגען און סימבאָלען. אָבער די אַלע זאַכען דאַרף מען ווי־ די אַזוי צו באַנוצען עס זאָל מאַכען דעם געווינשטען איינ־ . עס איז אַ קליינינקייט, אַ ניואַנס, אַ ווענדונג, אַ וואָרט, אין קונסט שפּילט דאָס אַ גרויסע ראָלע.

ביז מאַני לייבען האָבען אונזערע דיכטער פאַרגליכען ר ו ־ ב ע ק ע ל ע ך צו ר ו י ז ע ן. „ליפּען ווי רויזען" אש). מאַני לייב האָט נאָר פאַרגליכען ו ו א ו נ ד ע ן יזען. אָבער עס איז ביי איהם ארויסגעקומען אַזוי געשיקט,

אַזוי עכט־קינסטלעריש, ווי נאָר ביי אַן אמת'ן פּאָעט.

עס מעג דאָ געזאָגט ווערען אַז אין יענער צייט האָט מאַני לייב געגעבען דעם העכסטען שפּרונג. ער האָט געשריבען נאָך אַזעלכע גוטע לידער, נאָר קיין בעסערע (מיט אויסנאַם פון די ווייניג לידער) האָט ער אונז ניט געגעבען.

די אַנדערע דיכטער האָבען זיך פון דעמאָלט אָן זעהר שעהן אַנטוויקעלט. האַלפּערן, וואָס האָט שוין דעמאָלט ארויס־ געוויזען זיין קרעפטיגען טאַלאַנט, איז וואָס ווייטער געוואָרען אַלץ בעסער אין זיין פאָרם. ער איז געוואָרען געצאַמט. ער האָט־געקראָגען ביז אַ געוויסען גראַד די קלאַסישע דיסציפּלין. אַמוניגסטענס אין פאָרם. אין אינהאַלט בלאָנדזשעט ער נאָך ביז היינט צוטאָג. און דאָס איז זעהר כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם מענש האַלפּערן. אויך ראָלניק האָט זיך פון דעמאָלט אָן זעהר שטאַרק אַנטוויקעלט און זיך געפונען.

פון יענער צייט אָן איז די אידישע פּאָעזיע געוואָרען בריי־ טער, פאַרשידענאַרטיגער און פיעלפאַרביגער. די נייע שריי־ בער האָבען אויך מיט זיך געבראַכט נייע טענער און פאַרבען און איין הויפּט־מאָטיוו — דער מאָטיוו פון דעם אייגענעם א י ך. ד ע ר א י ך מ י ט ז י י נ ע פּ ע ר ז ע נ ל י כ ע א י י ג ע נ ע פּ ר אָ ב ל ע מ ע ן. דער איך איז געוואָרען די אינערליכע זון וואָס האָט ארויסגעשטראַלט אויף זייער גאַנצער וועלט.

אביסעל שפּעטער האָבען די נייע שרייבער ארויסגעגעבען גרויסע זאַמעלביכער מיט'ן נאָמען „שריפטען". דער ציל פון די זאַמעלביכער איז געווען אַוועקצושטעלן פון דער צייטונג־ליטע־ ראַטור, וואָס איז באַשטאַנען פון ברעקלעך און שטיקלעך, און באַשאַפען גרויסע, גאַנצע ווערק. אין דעם ערשטען זאַמעלבוך איז געווען געדרוקט אַ גאַנצער ראָמאַן פון אָפּאַטאָשו מיט'ן נאָ־ מען: „דער פערד גנב". אין צווייטען זאַמעלבוך איז אריין אַ ראָמאַן פון איגנאַטאָוו: „דער קעסעל גרוב". און אין דריטען זאַמעלבוך האָט דאַבאַי געהאַט געדרוקט זיין ראָמאַן: „הער גאָלדענבאַרג".

שפּעטער איז צווישען די יונגע פאָרגעקומען אַ שפּאַלטונג און דערפון איז ארויסגעקומען „די נייע היים", אויך אַ זאַמעל־ בוך. געוואונען פון דער צוטיילונג האָבען זיי ניט. גיכער פאַר־ לאָרען. זיי זיינען פון דעמאָלט אָן ניט געגאַנגען טיפער. צו־ זאַמען האָבען זיך געגענזייטיג געהאָלפען און געשאַפען דאָס בעסטע וואָס זיי האָבען געקאָנט, זייענדיג אָפּגעזונדערט האָבען זיי גענומען שרייבען אין דער ברייט. עס זעהט אויס מאָדנע: וואָס מעהר מען האָט זיי גענומען אַנערקענען און לויבען אַלץ נאַכלעסיגער און אויבענאויפער זיינען זיי געוואָרען.

אָבער דאָס איז אַלץ גערעדט אין א ל ג ע מ י י ן. און מען דאַרף ניט פאַרגעסען אַז ווען מען רעדט וועגען אַלע צ ו ־ ז אַ מ ע ן קאָן מען ניט זיין פּ י נ ק ט ל י ך און ג ע ־ ר ע כ ט צו יעדען איינעם באַזונדער.

שרייבער טאָר מען ניט רעכענען אויפ'ן בינטעל ווי קליי־ נע ציבעלעס. ש ר י י ב ע ר ד אַ ר ף מ ע ן נ ע מ ע ן א י נ ד י ו ו י ד ו ע ל, יעדען איינעם מיט זיין א י י ג ע נ ־ אַ ר ט י ג ע ן כ אַ ר אַ ק ט ע ר. דער נאָמען „יונגע" איז זעהר ניט גוט פאַר אַזוי פיעל פאַרשידענע שרייבער. מען מישט זיי אַלע צונויף און עס באַקומט זיך איין ג ע ז י כ ט ־ ל אָ ז ע ג ע ש ט אַ ל ט. אַז מען רופט ניט אַלע נייע שריי־ בער מיט איין נאָמען „יונגע" ווערען די לעזער צוטומעלט און ווייסען ניט ווער איז ווער. ווי לאַנג איז דער שיעור זיי צו רופען „יונגע"? וואָס אַנבעלאַנגט אין יאָהרען זיינען איינינע שוין מיטעליעהריגע מענשען, מיט גרויען זילבער אויף די קעפּ. ווידער אַלס שריפטשטעלער, פאַרוואָס זאָל מען זיי אַלע רופען מיט אַ זינלאָזען אַלגעמיינעם נאָמען? אונזערע עלטערע שריפטשטעלער האָט מען ניט גערופען אַלע מיט איין נאָמען ווען זיי זיינען געווען יונג, און היינט רופט מען זיי ניט מיט קיין נאָמען „אַלטע". דאָס צוטיילען אויף אַלטע און יונגע איז איבערהויפּט אַ נאַרישקייט. עס זיינען בלויז פאַראַן צווייער־ ליי שרייבער: די וואָס שרייבען מיט טאַלאַנט און די וואָס שרייבען אָהן טאַלאַנט..

# א גוטע התחלה

י. שטיינבוים

צוזאמענפארען, וואס האבען זיך באשעפטיגט מיט רײנע ערציהונגס־פראגען, האבען מיר שוין געהאט פריהער, נאך אײדער ס'זיינען ארגאניזירט געווארען די אידישע אר. רינג שולען. דאס זיינען געווען די לערער־צוזאמענפארען פון די נאציאנאל־ראדיקאלע שולען, וואס האבען זיך געהאלטען אין פארשפרייטען איבער'ן גאנצען לאנד, און האבען דאמאלס געשריגט, ווי אן אנווייז פון א נייער עפאכע אין דעם אידישען לעבען אין אמעריקע. צוזאמענגעקומען זיינען זיך ס'רוב די, לערער פון די שולען אליין, און האבען געבראכט מיט זיך פעסט־באשטימטע מיינונגען וועגען די שולען, זייערע פרינציפען, צילען, און אפילו וועגען די מיטלען די צילען צו דערגרייכען. אלע זיינען געקומען פון איין „תהר", פון איין נאציאנאל־פילאזאפישער שול, און מכוח דער עצם פראגע זיינען זעלטען ארויסגעקומען גרויסע חלוקי־דעות. די סכסוכים צווישען דעם אידישיסטישען און דעם נייטראלען (צווייש־פראכיגען) פליגעל, האבען זיך קאנצענטרירט ארום דער פראגע פון וועלכען קלאס זאל מען אנהויבען לערנען העברעאיש, און אמאל צי זאל מען פייערן דעם אדער יענעם אידישען יום־טוב, פון וועלכען ס'איז אין אמעריקע בלויז פארבליבען דער רויער סקעלעט, אהן דעם פלייש און בלוט פון אמאל.

אבער נאך וויכטיגער איז געווען דער פאקט, וואס די זייטיגע מוטער און סימפאטיקער פון דער נאצ. ראד. שול־באוועגונג, זיינען אויך געווען אנהענגער פון דער זעלבער נאציאנאל־סאציאליסטישער פילאסאפיע, מיט'ן דרוק אויפ'ן ווארט נאציאנאל. ארום און ארום, האט זיך באקומען אן איינהייטליכע, הארמאנישע באוועגונג, און פאלגליך אן איינהייטליכקייט אין די דערגרייכטע רעזולטאטען, אויף וויפיעל זיי האבען זיך געלאזט אנזעהן.

ביי אונז איז עס אבער אנדערש געווען. בשעת „זיי", (אדער די געווענהליכע „מיר), האבען תמיד געוואלט אידישע שולען, איז דאך אונזער ערשטער אנפאנג געווען א נעגאטיווער — מיר האבען דאך געמיינט, אז מיר ווילען נ י ט קיין שולען. און ווען מיר האבען זיך שוין אומגעקערט צום יא־וועלען שולען, האבען מיר ערשט ניט געוואוסט ו ו א ס פ א ר א שולען זאלען מיר האבען. צי זאלען עס זיין שולען, וואס זאלען ווייטער געהן אויפ'ן זעלבען וועג פון די נאצ. ראד. שולען, אדער באשאפען א נייעם טיפ שולען.

און כאטש קיינער פון אונז האט לכתחילה געטוי ניט געוואוסט אין וואס די נייקייט דארף באשטעהן, האבען מיר אבער אלע געפיהלט, אז נאכגעהן די אלטע שולען קענען מיר ניט צוליב צוויי טעמים: ערשטענס האבען די אלטע שולען אונז קיינמאל ניט אינגאנצען באפרידיגט, און צווייטענס (און אלס רעזולטאט פונ'ם ערשטען טעם), וואלטען מיר דורך אזא בלינדען נאכגעהן ניט געווען ארויסגערופען יענע באהאלטענע ענערגיע און יענעם פרישען ענטוזיאזם, וואס האט זיך געפאדערט כדי צו ראטעווען די מאדערנע אידישע ערציהונג פון דעם פאנאנדערפאל־צושטאנד אין וועלכען זי האט אנגעהויבען אריינצוטרעטען.

און איינס קאנען מיר שוין איצטער זאגען אויף זיכער: די באהאלטענע ענערגיע און דעם פרישען ענטוזיאזם האבען מיר יא ארויסגערופען. אנשטאט גלייכגילטיגע פאסיוויטעט, באמערקען מיר איצטער א באראינטערעסירטע אקטיוויטעט אויפ'ן געביט פון אידישער ערציהונג. דאס קען, פארשטעהט זיך, ניט צוגעשריבען ווערען צו איין באוועגונג פון א האנט;

אבער אז מיר, ד. ה. די א. ר. שולען, האבען א גרויסען ... אין דעם, איז קלאר ווי דער טאג. דער ווירקונג־שטח ... בריטער געווארען, נייע מענשען זיינען ארייגעווארפען גע... רען אין דער ארבייט א דאנק אונזערע שולען, און צוליעב ... איז אויסגעוואקסען געגנערשאפט, קנאה, א ווילען איבער... שטייגען אין ממשות'דיגע אויפטוען — בקיצור, נייע עלעמ... טען וואס ברענגען אריין לעבען און שטרעבען.

איז דערפון אויך געבארען געווארען די פארלאנגטע „... קייט"? האבען מיר באוויזען צו באשאפען א נייעם ... שולען?

פאר די, וואס גלויבען אין דער מעגליכקייט פון אזא ... קייט, וואס לאזט זיך אנזעהן פון שטופע צו שטופע, ספעצ... אויפ'ן געביט פון ערציהונג, פאר די איז אונזער ענטפער, ... מיר האבען יא אריינגעבראכט א נייקייט אין דער אידיש... ערציהונג, אין דעם תוך אירען, און פאלגליך א נייער ... שולען.

פאר די אבער וואס פארשטעהען דעם ענטוויקלונגס־פ... צעס פון א שול־באוועגונג און איהרע ענטוויקלונגס־מעגליכ... טען אין דער אידישער אמעריקע, פאר די איז אונזער ענטפ... אז מיר געפינען זיך ערשט אויפ'ן ערשטען שטאפעל פונ'ם ... עם לייטער, אדער בעסער: מיר זיינען דערווייל בלויז אר... געווארפען געווארען אין א נייער סביבה, וואס שטעלט אר... נייע פאדערונגען. מיר האבען אבער נאך ניט באוויזען זיך ... אריענטירען אין דער נייער סביבה, און זיינען נאך ניט ... אנצואווייזען אויף די נייע ליניעס, וואס מיר דארפען ... פאלגען

דאס האט קלאר באוויזען אונזער שולען־צוזאמענפ... יעדער איינער פון אונז האט געוואלט געפינען א פאסיג וו... פאר אונזערע נייע געפיהלען, וואס האבען אונז געשטיקט ... האלז, מיר האבען אפען געוואלט אויסדריקען אונזער פארל... און — ניט געפונען דאס ווארט, עפעס האט אונז אויפגערע... און מיר האבען זיך דערווייל בארוהיגט מיט ארונטערשלי... די אויפרעגונג. ניט ווייל די אויפרעגונג האט ניט געקע... באפרידיגט ווערען, נאר ווייל זי איז נאך אינגאנצען ... צייטיג געווען. ווייל ווען די אויפרעגונג וואלט געווען ... אינגאנצען א גייסטיג צייטיגע, וואלט מיט איהר אויך נעקו... א קלארער און צופרידענשטעלענדיגער אפרוף.

און די אורזאך איז א פשוט'ע: כל־זמן די סביבה ... אליין ניט זיין דאס, וואס זי פארלאנגט פון די שולען, ... מיר תמיד זיין געצוואונגען צו דערשטיקען אין זיך די אויפ... גונג וואס מיר רופען אליין ארויס. און אויסער דעם איז ב... אן אבסורד צו פארלאנגען, אז א שול־באוועגונג זאל זיך ... קלאר אויסקריסטאליזירען אין משך פון א יאהר צייט. צוזאמענפאהר האט דערפאר קיין וואונדער ניט געקענט באו... זען, ווייל מיר האבען נאך ווייניג געלערנט, ווייל אונזער ... פאהרונג אין דער נייער סביבה איז נאך צו יונג. מיר שט... זיך צופרידען דערמיט וואס דער צוזאמענפאהר האט קלאר ... וויזען:

1. אז א נייער שול־טיפ האלט אין באשאפען ווערען;
2. אז מיר האבען דעם ווילען און די ענערגיע דעם ... שולען ארויסצוברענגען אויף דער וועלט, און
3. אז מיר מוזען צוריקגעהן צו דער שול־סביבה ... מעהר ערפאהרונג און נאך מעהר פארשטענדעניש פאר ... שול־זאך.

---

צווישען דעם נייעם דור שרייבער זיינען דא שרייבער פון פארשידענע גראדען. עס זיינען דא אזעלכע וואס זיינען גאנץ באדייטענדע דיכטער, ווי ראלניק, מאני לייב, האלפערן, לייוויק, לאנדוי, אייזלאנד, און קאפין; און פראזע שרייבער: ראבאי, איגנאטאוו און אפאטאשו. עס זיינען אויך דא שוואכערע, און גאר יונגע וואס האבען טאלאנט. עס זיינען דא אזעלכע וואס האלטען זיך ערשט אין אנטוויקלען, און אזעלכע וואס לערנען זיך ערשט שרייבען, מאכען פראבען, און אזעלכע וואס מאכען נאך די איינענע דיכטער אדער פרעמדע, ווייל קיין אייגענס האבען זיי ניט וואס צו זאגען.

אום צו קריגען א באגריף איבער די מעהר וויכטיגע ... אונזערע נייע שרייבער, איז נויטיג זיך אפצושטעלען אויף ... דען איינעם באזונדער. עס איז נויטיג אפצוטיילען די ... האבען שוין באדייטענדעס בייגעטראגען צו דער ליטערא... און די וואס האלט ערשט אין ווערען.

עס איז אינטערעסאנט צו זעהן וואס די דייפערע פון ... רע נייע שרייבער שטעלען מיט זיך פאר, און הערען וואס ... האבען אונז צו זאגען.

אבער צו דעם איז נויטיג... נו, דאס וואס איז נויטיג ... לען מיר שוין זעהן א צווייטען מאל.

# יא, ווען מארקס זאל אויפשטעהן...

(אן ענטפער אויף אן ענטפער)

פון ה. בורגין.

דו ערגערסט זיך? ביזטו דאך אומגערעכט.

מארים זיסקינד, פון שיקאגא, האט מיר אין מערץ־אפ־
...ילמאי נומער פון „פריינד" געמאכט א קאמפלימענט, אז
...יך בין א סעקטאנט און א דעמאגאג.

סעקטאנט און דעמאגאג... מיר פארדריסט אפילו וואס
...ארים זיסקינד, וועלכען איך האב כמה יאהרען געהאלטען
...אר א פריינד, האט גאר וועגען מיר אזא שלעכטע מיינונג.
...בער — ווי זאגט דארטען דער רוס: מיט געוואלד קען מען
...ענעם ניט געפעלען זיין. וואלט איך דעם „קאמפלימענט"
...ארשוויגען. אבער מיר איז ניט אלץ איינס, צי דער לעזער
...ן פריינד" האט מיך ריכטיג פארשטאנען, אדער ניט.

...וועל איך דארום פרובירען ענטפערען זיסקינד'ן. עס
...ארשטעהט זיך, איך וועל דאס ניט קענען טאן אזוי פריי, ווי
...ס וואלט זיך געפאדערט: ציימען זיינען יעצט אזעלכע, וואס
...טייז די וועלכע שרייבען א־לא זיסקינד פיהלען זיך באקוועם.

...נאך מיט א ו'—א חדשים צוריק האט מיר דער רעדאק־
...אר פון „פריינד" געבעטען אנשרייבען אן ארטיקעל איבער
...י יעצטיגע שטימונגען אין דער סאציאליסטישער וועלט (ניט
...ויסשליסליך אין אמעריקא). האב איך דאס געטאן אומפאר־
...ייאיש, — אויף וויפיעל, יעדענפאלס, איך האב געקענט. איך
...אב אנגעוויזען אויף די מיינונגס־פארשיידענהייטען, וואס הא־
...ען שוין אין דער דאזיגער וועלט, אין אן „עמבריעלען צו־
...שטאנד", עקזיסטירט פון לאנג; געוויזען, ווי אזוי אונטער די
...עלט־פאסירונגען פון די לעצטע יאהרען זיינען די אומבאשטימ־
...ע מיינונגס־פארשיידענהייטען פארוואנדעלט געווארען אין
...לט'ע שטרעמונגען; און איך האב געשילדערט די הויפט־
...טרעמונגען: די „מעסיגע", די ראדיקאלע און די צענטריס־
...ישע. צי איך פערזענליך סימפאטיזיר מיט דער, און ניט
...יט יענער שטרעמונג, איז קיינעמס זשאנדארמסקע ביזנעס
...ט. אנב איז דאך דאס פאר'ן ענין ניט וויכטיג. און אויב
...ימיצער וויל קריטיקירען מיין ארטיקעל, דארף ער דערוויזען,
...ז איך האב ניט ריכטיג געשילדערט די לאגע אין דער סא־
...אליסטישער וועלט, אזו גוט ווי די אדער יענע שטרעמונג.

דאס טוט אבער זיסקינד ניט. נאר וואס דען? ער גיסט
...ך און שוועבעל אויף מיר. ער איז מלא חמה אויף די „רא־
...קאלען". צו זיין אויף אימיצען אין כעס קען מען קיינעם,
...טירליך ניט פארווערען: אמעריקא איז נאך אויף דעם א
...גנג פרייע קאונטרי. אבער — יופיטער, דו ערגערסט זיך?
...זטו דאך אומגערעכט.

איך פרעג ביי זיסקינד'ן: האב איך ריכטיג געשילדערט
...שטרעמונג, פארטראטען פון די „שבת גויים", אדער ניט?
...יב פאלש, טא וואס שאנעוועט ער מיר? אנשטאט סתם
...עלען זיך, זאל ער פון מיר ארונטעררייסען די מאסקע, זאל
...דערוויזען, אז דאס איז ניט ריכטיג, יענעם איז איבער־
...יבען. אויב זשע אבער איך האב ריכטיג געשילדערט, טא
...ארף ער זיין עהרליך און עס צוגעבען. אנשטאט דעם דרעהט
...זיך ארוים מיט א פארעווער באמערקונג:

„איך וועל זיך דא ניט אפשטעלען אויף פר. בורגין'ס אנאליז אי־
...ר די פארשיידענע שטרעמונגען. איך ווייס, אז עס איז זעהר גרינג
...זאמענצושטעלען א באשולדיגונגס־אקט. און צו... פארמשפט'ען
...לכע, וועלכע זיינען גאר ניט שולדיג... וואס מיך אינטערעסירט
...ן זיין ארטיקעל, איז די קאלט־בלוטיגקייט, מיט וועלכע ער לייגט
...עק זיי רעוואלוציאנערע איינבילדונגס־טעאריע..."

„נעווער מיינד" מיין „רעוואלוציאנערע איינבילדונגס־טע־
...יע". ניין, פר. זיסקינד! זייט זיך מטריח און שטעלט זיך
...ז אויף מיין אנאליז איבער די פארשיידענע שטרעמונגען.
...רבא, ווייזט, וועלכען אומשולדיגען איך האב פאר'משפט. די
...עטינקייט פון די „שבת גויים" איז אן אפענער בוך, וועלכען
...ער קען לייענען, — יעדער, וואס איז נאר עהרליך און וויל
לייענען.

און מיין „רעוואלוציאנערע איינבילדונגס טעאריע", וועלכע
אינטערעסירט אייך אזוי שטארק, איז ניט מעהר ווי א לאגי־
שער שלוס פון לייענען די קאפיטלעך פון אט דיזען אפענעם
בוך. און צי עס שמעקט אייך, צי ניט — עס איז פארט 100
פראצענט אמת, אז „די ראדיקאלע סאציאליסטען באטראכטען
די איצטיגע היסטארישע עפאכע פאר אן איבערגאנגס־פעריאדע
צום סאציאליזם". אייך געפעלט עס ניט? איהר געהט ארויס
פון די כלים? אבער דאס איז פארט א פאקט. און לאמיר
אייך זאגען א סוד, מר. זיסקינד, אז ניט נאר ראדיקאלע סא־
ציאליסטען, נאר אויך אייערע מעסיגע סאציאליסטען זאגען
עס. הערט זיך צו צו די רייד פון אייערע אייגענע מיינונגס־
גענאסען אין זייערע שריפטען, אין זייערע ליפלעטס, אין זייע־
רע קעמפיין־רעדעס. טייטלען זיי ניט מיט די פינגער אויפ'ן
באנקראט פון דער קאפיטאליסטישער ארדנונג? ווייזען זיי
דען ניט אן אויף די טיעפע ווידערשפריכע, וואס האבען שוין
צועסען די ארדנונג? מען דארף גאר ניט זיין א טראלסטרא
אויף צו באהויפטען, אז עס איז געקומען די צייט, ווען דער
ארבייטער־קלאס באנוגענט זיך שוין ניט מיט פאדערונגען פון
די אדער יענע רעפארמען נאר רעדט און טראכט אין טערמינען
פון סאציאלער רעוואלוציאן. דער אונטערשייד איז נאר דער,
וואס די „ראדיקאלען" זיינען אויסגעהאלטען, ווערענד די „מע־
סיגע" האנדלען ווי אפאסטאל פעטער, וועלכער פלעגט פארהא־
טען יעזוס'ן יעדעס מאל ווען ער פלעגט דערשפירען א געפאהר:
אין אלבאני אדער אין פאלמער'ס פארהויז, באהאלטען זיי גלייך
דעם רויטען קאליר...

זיסקינד ציטירט א שטעל פון מיין ארטיקעל וועגען שטאנד־
פונקט פון די „ראדיקאלען" און פרעגט מיט נצחון:

„לעבען מיר אין אמעריקא אין דיזען פאסענדען מאמענט?
בורגין מיינט, אז... דא זיינען מיר איצט אויפ'ן שוועל פון א סא־
ציאלער רעוואלוציע... נאר די „מעסיגע" סאציאליסטען שטעהען אין
וועג"...

פון וואנען זיסקינד דרינגט, אז איך דענק, דאס מיר זיי־
נען אין אמעריקא אויפ'ן שוועל פון א סאציאלער רעוואלוציע,
איז פאר מיר א געהיימניס. איך ווייס גאנץ גוט, אז דער אמע־
ריקאנער ארבייטער רעדט און טראכט נאך ניט „אין טערמינען
פון א סאציאלער רעוואלוציאן". און אין מיין ארטיקעל רייד
איך דאך גאר ניט וועגען ארבייטער פון א באשטימטען לאנד.
איך רייד דאך וועגען דער סאציאליסטישער וועלט אין אלגע־
מיין. און ניט שוין זשע באמערקען מיר ניט, אז דער ענגלישער
ארבייטער, דער פראנצויזישער, דער איטאליענישער, דער דייטש־
שער, א. ז. וו. רעדען און האנדלען יעצט שוין גאר אנדערש,
ווי אין די צייטען פון פאר דער מלחמה? ד א ס ניט באמער־
קען קען טאקע נאר א גייסטיגער פארוואנדטער פון א „שבת
גוי".

„ווען מארקס וואלט אויפשטעהן פון קבר און לעזען אזעל־
כע ארטיקלען (ווי פון מיין ווייניגקייט, הייסט עס), וואלט
ער געזעהען פאר זיך די פעריאדע פון באקונין און פרודאן,
וועלכע ער האט באקעמפפט מיט זיין גאנצער קראפט..."

אזוי פארזיכערט מארים זיסקינד. קיינער איז אבער ניט
מחויב צו גלויבען זיסקינד'ן אויפ'ן ווארט. ווארים מיר ווייסען,
אז דער אלטער מארקס האט נאך זיין „קאמוניסטישען מאני־
פעסט" אנגעפאנגען מיט די ווערטער: „דער קאמוניסטישער
געשפענסט שרעקט שוין די הערשער פון דער וועלט..."

עס איז נאך מעהר וואהרשיינליך, אז ווען מארקס וואלט
אויפשטעהן פון קבר און לעזען אזעלכע ארטיקלען, ווי זיס־
קינד'ס, וואלט ער געזעהן פאר זיך די פעריאדע פון די צו־
קראכענע, שליימעדיגע, גליטשיגע „דעמאקראטען", פון וועלכע
ער האט זיך מיט עקעל אפגעשאקעלט.

* * *

...נעדרוקט אז „בונד" און פארגעסט נישט אז זיין שווערעז קאמף, ה.אס
...האם יעצט צו פירען אין דער „פרייער" פויזעי. העלפט זיין ארגאן,
...זיין ארבייט!

* * *

אינטערעסאנט, וואס פריינד עלענבי (ל. בייראן) פון פערט־עמבאי
דענקט י ע צ ט וועגען ז י י ן פרייינד עלענבי, דע־ פאלעסטינער
הפלר!...

# די קאָנווענשאָן פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי

פון נ. בוכוואַלד

אין יאָהר נאָך דעם צווייטען האָט די אמעריקאנער סאָציאליסטישע פּארטיי אָפּגעהאלטען היסטאָרישע קאָנווענשאָנס. פאר א יאָהרען איז די קאָנווענשאָן אין שיקאגאָ געווען א העכסט דראמאטישע. זי האָט צוגעצויגען די אויפמערקזאמקייט פון די סאָציאליסטען פון אלע לענדער, ווייל עס האָט דאָרט געדארפט ענטשידען ווערען א גרונד־פּראָבלעם פון אלוועלטליכען סאָציאליזם, עס האָט דאָרט געדארפט באשטימט ווערען דער צוקינפטיגער כאראקטער פון דער אמעריקאנער סאָציאליסטישער פּארטיי, איהר שטעלונג צו די וויכטיגע פראגען וואָס זיינען ארויסגערוקט געוואָרען צום פאָרגרונט פון דער מלחמה, און בעזאָנדערס פון דער רוסישער רעוואָלוציע.

אונטער דער ווירקונג פון דעם היפנאָז פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע און פון עהנליכע פערזוכען אין דייטשלאנד, האָט זיך אין דער אמעריקאנער פּארטיי ענטוויקעלט א האסטיגע „לינקע" שטרעמונג. די פּראָגראם, וואָס די לינקע האָבען געזוכט דורכצופיהרען אויף דער קאָנווענשאָן, איז געווען פון אן עקסטרעם־רעוואָלוציאָנערען כאראקטער און איז געשטען באזירט אויף דער טעאָריע, אז אן איבערקעהרעניש עהנליך צו דער באָלשעוויסטישער איז מעגליך אין אמעריקא אין דער נאָהענטער צוקונפט.

די לינקע זיינען אויף דער פאר־א־יאָהריגער קאָנווענשאָן געשלאָגען געוואָרען און האָבען זיך אָבגעשפּאָלטען פון דער סאָצ. פּארטיי, אָבער דורך דער דאָזיגער אָפּשפּאלטונג האָט די פּארטיי נישט אָנגעוואָרען איהר רעוואָלוציאָנערען כאראקטער. זי איז פארבליבען א פּארטיי פון רעוואָלוציאָנערען סאָציאליזם, ווי דאָס איז אזוי בארעדזאם און איינדרוקספאָל באוויזען געוואָרען דורך דעם מאניפעסט, וואָס די קאָנווענשאָן האָט אָנגענומען, אזוי גוט ווי דורך די רעזאָלוציעס וועגען דער שטעלונג צום סאָוויעטיזם, צום דריטען (מאָסקווער) אינטערנאציאָנאל, און וועגען דעם כאראקטער פון דער צוקינפטיגער טעטיגקייט און פּראָפּאגאנדא־מעטאָדען אין אמעריקא. שפּעטער איז דורך א רעפערענדום פון די פּארטיי־מיטגלידער באשלאָסען געוואָרען זיך אָנצושליסען אָן דעם דריטען אינטערנאציאָנאל, און דאָס האָט שוין ווי פארזיגעלט דעם גאָר־רעוואָלוציאָנערען כאראקטער פון דער ס. פּ.

די היי־יאָהריגע קאָנווענשאָן איז נישט געווען אזא דראמאטישע, אָבער זי וועט פיליכט פארצייכענט ווערען אלס אן אונגעהייער־וויכטיגע ווענדונגס־פּונקט אין דער געשיכטע פון דער אמעריקאנער סאָציאליסטישער בעוועגונג. פאר פיעלע סאָציאליסטען און נים־סאָציאליסטען איז די קאָנווענשאָן געווען א שטוינענדע איבעראשונג. די רעוואָלוציאָנערע אמעריקאנער פּארטיי, די פּארטיי, וואָס האָט אין 1917 אָנגענומען די סט. לואיס׳ער רעזאָלוציע; די פּארטיי, וואָס האָט אין 1919 זיך אָנגעשלאָסען אָן דעם דריטען אינטערנאציאָנאל; די פּארטיי וואָס האָט א דעבס׳ן פאר איהר פיהרער, וואָס באטראכט א דעבס׳ן פאר דעם סימבאָל פון איהר גייסט, — די דאָזיגע פּארטיי האָט אויף איהר קאָנווענשאָן אין 1920 געמאכט יעדע אָנשטרענגונג ארויסצושטעלען צום פאָרדערגרונט איהר לעבליך־רעוואָלוציאָנערען כאראקטער, איהר כשר׳קייט, איהר לעגאליטעט.

כאָטש די פיהרער פון דער פּארטיי גיבען דאָס ניט צו, איז עס אָבער קלאָר פאר אלעמען, אז עס איז׳ אין דער אמעריקאנער סאָצ. פּארטיי, אלענפאלס אין דער אָפיציעלער פיהרערשאפט, פאָרגעקומען א רעאקציע געגען דעם רעוואָלוציאָניזם פון פאר־א־יאָהרען, און אז די פיהרער האָבען באשלאָסען צו פארקירעווען רעכטס. די קאמפעין־פּלאטפאָרם, די פּרינציפּען־ערקלערונגען און די אָנגענומענע רעזאָלוציע וועגען דעם דריטען אינטערנאציאָנאל קענען אנדערש ניט פערשטאנען ווערען.

אויב די קאָנווענשאָן שפּיגעלט אָפּ דעם גייסט פון דער פּארטיי, האָט די לעצטע אָנגענומען אן אויסגעשפּראָכען קאָנסערוואטיווע שטעלונג צו דער אל־וויכטיגער פראגע — די דיקטאטור פון דעם פּראָלעטאריאט. די קאָנווענשאָן האָט ענטשיעדען צוריקגעוויזען די דיקטאטור פון פּראָלעטאריאט אלס א

פּאָליטישע פאָרם אין דער איבערגאנגס־שטופּע פון קאפּיטאלי...
צום סאָציאליזם. די דאָזיגע שטעלונג איז א ווייט־געהענד...
ערשטענס, האנדעלט זיך דאָ וועגען וועגען איינעם פון די ווי...
קעל־שטיינער פון וויסענשאפטליכען סאָציאליזם. אפילו או...
אזא ענטשיידונג איבער דער פראגע זאָל נישט זיין פון בא...
דיגער, פּראקטישער וויכטיגקייט, איז זי בעדייטונגספול ש...
מיט דעם אליין, וואָס די גרעסטע פון די נישט־אייראָפּעאיש...
סאָציאליסטישע פּארטייען האָט אויסגעשטראָכען פון איהר או...
מאמין דעם פּונקט וועגען דער הערשאפט פון דעם ארבייטע...
קלאס אין דער צווישען־צייט פון דער קאפּיטאליסטישער ב...
דער סאָציאליסטישער געזעלשאפט. עס זיינען אין דער סאָצי...
ליסטישער באוועגונג אלע מאָל געווען חלוקי־דעות איבער ד...
דאָזיגער אָרגאנישער טייל פון דער סאָציאליסטישער לעהר...
אָבער וועהרענד עס זיינען אָנגעגאנגען אקאדעמישע וויכוחים א...
בער דער פראגע, איז אָבער די פאָרם פון דיקטאטור פון פּר...
לעטאריאט נישט פארוואָרפען געוואָרפען פון א סאָציאליס...
שער, מארקסיסטישער פּארטיי.

אָבער די פראגע איז היינט מעהר ווי אן אקאדעמיש...
די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע האָט אָנגעווענדעט די דיקט...
טור פון דעם פּראָלעטאריאט אויף דער פּראקטיק, און אָנג...
נעמען אָדער פארוואָרפען די דיקטאטור מיינט אָנצונעמען אָד...
פארוואָרפען די מעטאָדען פון דער רוסישער רעוואָלוציע.
קאָנווענשאָן האָט, אלזאָ, די מעטאָדען פון די באָלשעוויק...
צוריקגעוויזען אלס נישט צוגענגליך צו די אמעריקאנער או...
שטענדען. ער האָט צוריקגעוויזען די דיקטאטור פון דעם פּר...
לעטאריאט ניט נאָר פאר דער געגענוואָרט — דאָס וואָ...
געווען גאנץ נאטירליך — נאָר פאר אלע מאָל. אנשטאט ד...
דאָזיגער פאָרם פון איבערגאנג האָט די קאָנווענשאָן גוטגעה...
סען די פאָרם פון אלגעמיינער דעמאָקראטיע. דער וועג, צ...
סאָציאליזם, הייסט עס, ליגט דורך דעם שטימקאסטען, ...
נאָר דורך דעם שטימקאסטען.

און טאָמער וועלען נאָך בלייבען אזוינע, וואָס וועל...
צווייפלען אין דער כשר׳קייט פון דער סאָציאליסטישער פּא...
טיי, האָט די קאָנווענשאָן ערקלערט אויסדריקליך אז די ס.
איז א ל ע ג א ל ע פּארטיי, וועלכע זוכט צו דערגרייכ...
איהר ציעל דורך בלויז ק אָ נ ס ט י ט ו צ י אָ נ ע ל ע מ י...
ל ע ן. צו וואָס מאכען א וועזען פון דער לעגאליטעט ...
קאָנסטיטוציאָנעלער כשר׳קייט פון דער סאָציאליסטישער ב...
וועגונג איז איינענטליך שווער צו פארשטעהן. עס איז ד...
זעלבסטפארשטענדליך, אז אויב די פּארטיי פיהרט אָן אי...
ארבייט אין דער עפענטליכקייט מוז זי זיין לעגאל און קאָ...
סטיטוציאָנעל, אניט וועט מען זי דאָך נישט לאָזען אָנגע...
מיט איהר ארבייט. צו אדווערטייזען דעם געזעץ־ליעבענד...
כאראקטער פון דער ס. פּ. — דאָס איז זיכער נישט קיין נו...
וועגדינקייט, ריקטירט פון די פּרינציפּען פון סאָציאליזם; ד...
איז, אין בעסטען פאל, א קאמפּעין־רעקלאמע פאר נישט־ס...
ציאליסטען.

אין דער פראגע וועגען דעם דריטען אינטערנאציאָנאל ...
די אָנגענומענע רעזאָלוציע מערקווירדיג פון מעהר ווי א...
שטאנדפּונקט. ערשטענס האָט די קאָנווענשאָן זיך גענומען
פרייהייט צו איגנאָרירען דעם רעפערענדום פון דער מיטגל...
דערשאפט. ווי עס איז אויבען געזאָגט געוואָרען, האָט
מיטגלידערשאפט באשלאָסען, אז די אמעריקאנער פּארטיי ...
זיך אָנשליסען אָן דעם דריטען אינטערנאציאָנאל. אין ד...
רעפערענדום — ווי געוועהנליך אין רעפערענדומס — ה...
זיך אָבער באטייליגט א קליינע צאָהל מיטגלידער, און די ק...
ווענשאָן האָט גע׳פּסק׳נט, אז דער רעפערענדום דריקט ני...
אויס דעם ווילען פון דער פּארטיי, און האָט ווידער אכ...
אויפגענומען די פראגע. דעם מאָל איז עס באשלאָסען געוואָ...
זיך אָנצושליסען אָן דעם מאָסקווער אינטערנאציאָנאל א...
דעם תנאי אז עס זאָל זיך נישט מישען אין די טאקטישע ...
טאָדען פון דער ס. פּ. און זי נישט צווינגען איינצופיהרען
אָדער יענע פּאָליטישע סיסטעם (ד. ה. סאָוויעטיזם).

דער באשלוס וועגן דעם דריטען אינטערנאציאנאל איז
[...]נאטירליכער פועל־יוצא פון דער שטעלונג צו דער פראגע
[...] פראלעטארישער דיקטאטור. דער דריטער אינטערנאציא־
[...] — דאס זיינען דאך די באלשעוויקעס, און די באלשעווי־
[...] — דאס זיינען דאך די הויך־פריסטער פון דער דיקטאטור
[...] פראלעטאריאט. און אויב מען פארווארפט די דיקטאטור
[...] מען שוין, נאטירליך, נישט אריינטרעטען אין דעם אינטער־
[...]ציאנאל, וואס איז דורכגעדרונגען מיט דער אידעע פון דיק־
[...]טור, פון פראלעטארישער רעוואלוציע, וואס איז דורכגעדרונ־
[...] מיט דעם גייסט פון פאראכטונג צו דער זעלבער דעמאקרא־
[...]ג, פאר וועלכער די קאנווענשאן האט זיך פייערליך ערקלערט.
נים נאר צווישען די סאציאליסטען, נאר אויך אין דער
[...]פיטאליסטישער פרעס האט מען נאטירט דעם קאנטראסט.
[...]נינע ווילען האבען, אז דאס איז א ווידערשפרוך — צווי־
[...]ן דעם אלגעמיינעם, קאנסערוואטיווען כאראקטער פון די
[...]שלוסען אויף דער קאנווענשאן און דער פערזאן, וואס די
[...]ווענשאן האט נאמינירט פאר פרעזידענט. „דער אינסטינקט־
[...]ווער רעוואלוציאנער אויף דער פלאטפארמע פון באוואוסט־
[...]גען קאנסערוואטיזם" — אזוי ווערט דעבס'עס קאנדידאטור
[...]אקטעריזירט פון אן אנגעזעהענעם פיהרער פון דער אי־
[...]ער סאציאליסטישער באוועגונג. „היפאקריטסטווע" —
[...]ם עס די „טיימז". דער פאקט פארבלייבט אבער, אז דעבס
[...] נאמינירט געווארען איינשטימיג און מיט גרויס באגייס־
[...]ונג. די קאנסערוואטיווסטע קאנסערוואטארען און די רא־
[...]אלסטע באלשעוויסעס אויף דער קאנווענשאן האבען זיך
[...]פריכטיג און מיט באגייסטערונג פאראייניגט אויף איין
[...]ם פון דער סאציאליסטישער פלאטפארם — אויף יודזשין
[...]טאר דעבס. און דאס אליין האט ביז צו נאר א גרויסער
[...] אפגעמעקט דעם איינדרוק, וואס די פלאטפארם און די
[...]ציפען־ערקלערונג האט געמאכט אויף גאר פיעלע סאציא־
[...]טען אין דער פארטיי און אויסערהאלב דער פארטיי.

---

ווי אזוי קאן מען ערקלערען דעם קאנסערוואטיווען כאראק־
[...] פון דער היי־יאהריגער סאציאליסטישער קאנווענשאן, דעם
[...]ימדיגען ריקשריט אדער רעכטס־צוג? איינינע גיבען אן
[...]„אד האמינעם" ערקלערונג, מען זוכט דעם פארוואס אין
[...] כאראקטער, טעמפעראמענט און אנשויאונגען פון די פיה־
[...] די גדולים אויף דער קאנווענשאן. הילקוויט, בערגער און
[...]אנדערע גדולים זיינען געוועזען אין זאטעל און זיי האבען
[...]געפיהרט זייער פראגראם. די אילינאיער דעלעגאציע, מיט
[...]של'ן און מאסער'ן אן דער שפיץ, האט געקעמפט נעגען
[...] קאנסערוואטיווע באשלוסען פון דער קאנווענשאן, האט
[...]געשלאגען איהר איינענע פראגראם, א מעהר ראדיקאלע, א
[...]ינער רעספעקטאבעלנע, א מעהר אומקאמפראמיסליכע,
[...] די הילקוויט און בערגער גרופע איז געווען שטארקער
[...]ווי האט געזיעגט.
דאס איז אבער אן אויבערפלעכליכע ערקלערונג, וועלכע
[...]קאטירט בלויז די פאקטען און ערקלערט אייגענטליך גאר
[...]. די זעלבע גרופע איז געווען „אין זאטעל" אויך אויף
[...] פאר־יאהריגער קאנווענשאן אין שיקאגא, און דאך איז
[...]אינהאלט און דער גייסט פון די באשלוסען פון יענער קאנ־
[...]שאן געווען גאר אן אנדערער, אן אויסגעשפראכען־רעוואָ־
[...]אנערער. אויב, אלזא, די אנגעזעהענע פיהרער פון דער
[...]יי האבען מיט אמאל פארקירעוועט רעכטס, האבען זיי
[...] געטהאן נים אוים זייער „אינערליכער נאטור", נים אוים
[...]יז אדער פערזענליכע אמביציעס.
[...] צוויי פאקטארען האבען קענטיג קאנטראלירט דעם כאר־ראקטער פון דער פארטיי־קאנווענשאן — דער קומענדער קאמ־פעין און די אלבאני אפערע. אז מיט איהר מעסיגער, „ניכ־טערער" פראגראם האט די הילקוויט־גרופע, ר. ה. די מאיאָרי־טעט, געמאכט א „ביד" פאר די שטימען פון נישט־סאציאליס־טישע וועהלער — אין דעם קאן, דאכט זיך, קיין צווייפעל נישט זיין. די אלגעמיינע אומצופרידענהייט, די ווילדע אנגריפען אויף די פונדאמענטאלע אמעריקאנער פרייהייטען, דער בארבא־רישער נעייעג אויף אלערליי ראדיקאלען האט ביי גאר פיעלע ליבעראלען ארויסגערופען א געפיהל פון פארדרוס נעגען די אלטע פארטייען און א געפיהל פון סימפאטיע צו די סאציאליס־טען. אבער די אמעריקאנער ליבעראלען, אט די נישט־אהין־און־נישט־אהעריגע, עהרליכע אנהענגער פון אנשטענדיגער בור־זשואזער דעמאקראטיע, האבען זיך אלץ געשראקען פאר דעם געשפענסט פון באלשעוויזם, פון דיקטאטור, פון גוואלד־מאכט. און צו אט די עלעמענטען האט דאס די קאנווענשאן ווי גע־זאגט: „שרעקט אייך נישט. מיר זיינען נישט קיין באל־שעוויקעס, מיר זוכען נישט צו שטירצען די עקזיסטירענדע רעגירונג; מיר זיינען א פרידליכע, לעגאלע, דעמאקראטיע־ליבענדע פארטיי. איהר קענט שטימען פאר אונז אהן מורא; איהר קענט שטימען פאר אונז און פארבלייבען גוטע אמעריקא־נער און געזעץ־ליבענדע בירגער".

דער אלבאני־פראצעס איז אויך געווען א פאקטאר אויף דער קאנווענשאן. די שווערד איז נאך געהאנגען איבער דעם קאפ פון דער סאצ. פארטיי אין ניו יארק בעת די קאנווענשאן האט זיך געפונען אין דעם פינלענדישען הויז. הילקוויט, דער הויפט־לאיער פאר דער פארטיי־פארטיידיגונג אין אלבאני, האט גע־זוכט ווי פארטצוזעצען אדער ווידערהאלען אין קלארע אומבא־שטרייטבארע ארגומענטען די פארטיידיגונג פון דער פארטיי נעגען די באשולדיגונגען, וואס זיינען נעגען איהר געמאכט גע־ווארען פון סוויט און זיין גענג. ער האט קענטיג געוואלט דורכפיהרען אזא פלאטפארם, אזא פרינציפען־ערקלערונג, וואס זאל פון דעם רעאקציאנערסטען ריכטער נישט קענען אנגענו־מען ווערען אלס א באדייט דאס די סאצ. פארטיי איז אויסען צו שטירצען די רעגירונג דורך גוואלד־מאכט. דאס איז די איינציג־מעגליכע ערקלערונג פון די פארדערונגען, וואס זיי־נען געמאכט געווארען, אז די פארטיי איז א ל ע ג א ל ע און זוכט צו דערגרייכען איהר ציעל דורך ק א נ ס ט י ט ו צ י א ־ נ ע ל ע מיטלען. דער דריטער אינטערנאציאנאל איז די אל־באניער אנגעקלאגטע געשטאנען ווי א ביין אין האלז, און אויף דער קאנווענשאן האט זיך רעווידירט די שטעלונג פון דער פארטיי צום דריטען אינטערנאציאנאל, מ'האט איגנארירט און פארשוועכט דעם ווילען פון דער מיטגלידערשאפט און אנגענו־מען א פארשוען באשלוס, וועלכער זאל מעהר נישט קענען דיענען אלס א באשולדיגונגס־פאקט נעגען דער פארטיי. אין דער דאזיגער הינזיכט זיינען די באשלוסען פון דער קאנווענשאן געמאכט געווען כדי צו זיכערען די פארטיי נישט פאר דעם רעוואלוציאנערען סאציאליזם נאר נעגען דער פינסטערער, אומ־וויסענדער רעאקציע.

אויף וויפיעל די מיטגלידערשאפט פון דער פארטיי וועט גוטהייסען אזא האנדלונג, אויף וויפיעל שטאנדהאפט די נייע פאזיציע פון דער פארטיי וועט זיך ארויסווייזען — וועגן דעם איז נאך פריה צו אורטיילען.

---

פון דער רעדאקציע:

מיר זיינען נישט איינשטימיג מיט אלע מיינונגען, וואס זיינען דא ארויסגעזאגט געווארען פון אונזער געעהרטען מיטארבייטער. ביי א געלעגענהייט וועלען מיר זיך אומקערען צו דער פראגע.

---

# גאראנטירט

פון לאה קאפילאוויץ

דאקטאר האט א קראם פון קינדער,
ערגעץ וואו זיין אויטא לויפט;
פאר א גרויסען פרייז אוראי
האט ער אגנז א קינד פארקויפט.

אז דאס קינד וויל נארישט עסען,
און עס קריכט אבויסעל הרין;

זאגט די מאמיג אן דעם דאקטאר,
קומט ער שנעל אן ווי א בליץ.

און ער גיט אלץ מעדיצינען,
ביז דאס קינד איז אויסקורירט;
ווייל עס מוז זיין ביים פארקויפען
פונ'ם דאקטאר גאראנטירט...

אהרן סטאָלינסקי:

# הייזער פאר'ן פאלק

א פאר נאָטיצן צו דער רענט־פראגע

(שלוס פון לעצטען נומער)

ווי מיר האָבען געזעהן, אלזאָ, איז די קאָאָפּעראַטיווע טענאַנטס געזעלשאַפט די פּראַקטישע איינענטימערין פון אלע הייזער, און דער טענאַנט־מיטגליד האָט ניט מעהר רעכטען, ווי די מיטגלידער פון אלע אַנדערע קאָאָפּעראַטיווען. נאַטירליך איז דאָס אלעס נאָר געזאָגט געוואָרען אין אמת'ע קאָאָפּעראַטיווע הייזער־בוי־געזעלשאַפטען.

יעדער טענאַנט־מיטגליד פון א קאָאָפּעראַטיווע הויז צאָהלט א געוויסען רענט צו דער געזעלשאַפט. ווי קליין די רענט זאָל ניט זיין, שטעלט זיך פונדעסטוועגען שטענדיג אָפּ ביי דער געזעלשאַפט א גע־וויסער פּראָפיט (ריכטיגער דאַרף זיין: אָפּגעשפּאָרטע געלדער, וואָ־רים א קאָאָפּעראַטיווע מאַכט ניט קיין „פּראָפיט"). א טייל פון די פּראָפיטען ווערען אויסגענוצט, כדי צו פאַרבעסערען די אַלטע הייזער און צו לאָזען בויען נייע.

פון דעם אלעם, וואָס מיר האָבען ביז יעצט געזאָגט, דאַרף זיין גענוג קלאָר, אַז די קאָאָפּעראַטיווע הייזער־בוי־געזעלשאַפטען שפּאָרען איין זייערע מיטגלידער היבשע סומען געלדער, און זיי באַשאַפען אויך אין דער זעלבער צייט סאַניטאַרישע און באַקוועמליכע דירות. אַנ־שטאָט דעם וואָס די לענדלאָרדס, ריעל עסטייט אייזשענטס און סתם ספּעקולאַנטאָרס ווערען רייך און פעט, בלייבען די פּראָפיטען ביי די איינוואוינערס אליין. ווי מיר זעהן, אַרבייט דאָ דער זעלבער פּרינ־ציפּ, ווי אין די קאָאָפּעראַטיווע קאָנסום פאַראיינען.

די קאָאָפּעראַטיווע הייזער געזעלשאַפט וואַקסט זעהר שנעל. און נאָכדעם, ווי די געזעלשאַפט האָט שוין אויפגעבויט א געוויסע שכנת־שאַפט, א געוויסע גאַס, דאַן נעהמט זיך געווענליך די געזעלשאַפט אויך צו אַנדערע קאָאָפּעראַטיווע געביטען.

פון דער דירה־געלד, וואָס די געזעלשאַפט נעמט פון איהרע טע־נאַנטס־מיטגלידער, צאָהלט זי אוים איהרע חובות, מאָרטגיידזשעס, טעקסעס, אינשורענס, די לויפענדע הוצאות אויפצוהאַלטען די הייזער א. ז. וו. א געוויסען פּראָצענט ווערט אָפּגענומען פאַר א סינקינג און עמוירדזשענסי פאָנד. אויך דאַרף מען ניט פאַרגעסען אָפּצו־רעכענען אַפּנויץ־געלד („דעפּרישיאיישאַן").

נאָכדעם ווי אלע אויבענדערמאָנטע סומען זיינען אָפּגערעכענט געוואָרען פון די ריינע פּראָפיטען, ווערט דער איבערגעבליבענער ריוח פאַרטיילט צווישען די מיטגלידער־טענאַנטס אַלס דיווידענד. אָבער צו קעש־דיווידענד זיינען נאָר בארעכטיגט די יעניגע מיטגלידער, וועלכע האָבען שוין אויסגעצאָהלט זייערע שערס (דאָס הייסט, ווי־פיעל זייער חלק הויז באַטרעפט); די יעניגע מיטגלידער, ווידער, וואָס האָבען נאָך ניט אויסגעצאָהלט זייערע שערס, ווערט דער דיווי־דענד אָפּגערעכענט פון זייער שער־חוב.

ווען א מיטגליד וויל אַרויסציהען פון א קאָאָפּעראַטיווע הויז און ווערען אוים מיטגליד, דאַרף די געזעלשאַפט פאַרקויפען זיינע שערס צו די, וועלכע געפינען זיך אין נעקסט אויף אַריינצוציהען אין א קאָאָפּעראַטיווע הויז. דער פאַקט איז, אַז עס זיינען שטענדיג פאַראַן מעהר בעלנים אויף אַריינצוציהען אין א קאָאָפּעראַטיווע הויז, ווי אַרויסצוציהען. דאָס הייסט, מיט אַנדערע ווערטער, אַז דער מיטגליד־טענאַנט פאַרלירט דערביי גאָר ניט און קען אויך לייכט צוריקקריגען זיין שער־געלד.

אויף דעם אויבענדערמאָנטען סיסטעם, מיט געוויסע לאָקאַלע ענ־דערונגען, זיינען אין ענגלאַנד פּראַקטיש אויפגעבויט געוואָרען די גאַרדען־סיטיס (גאָרטען־שטעדט), און אויף דעם זעלביגען סיסטעם אַרבייטען אויך אַלע „קאָ־פּאַרטנערשיפּ האַוזינג סאָסייעטיס". מאַנכע פון די דאָזיגע לאָקאַלע געזעלשאַפטען זיינען זעהר גרויס, ווי צום ביישפּיעל, די „העמפּסטעד טענאַנטס לימיטעד", וועלכע באַזיצט אַרום 500 אַקער לאַנד מיט 5 טויזענד הייזער. איבער 20 טויזענד פּערזאָ־נען וואוינען אין די קאָאָפּעראַטיווע הייזער פון דער דאָזיגער גע־זעלשאַפט אליין.

די לאָקאַלע הייזער־בוי־געזעלשאַפטען זיינען פעדערירט אין נאַ־ציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע קויפען צוזאַמען איין אלע נויטיגע בוי־מאַטעריאַלען צו די מעגליכסט ביליגע פּרייזען. ספּעקולאַציעס זיינען דאָ איינגאַנצען אויסגעשלאָסען. די פעדעראַציע האָט אויך איהר אייגענעם שטענדיגען סטעף פון פעהיגע אַרכיטעקטען און געלערנטע אַרבייטער. די לאָקאַלע סאָסייעטיס געווינען פון דעם נאַטירליך זעהר א סך. די פעדעראַציע איז פּראַקטיש אויך דער פינאַנציעלער צענטער פון אלע לאָקאַלע סאָסייעטיס און איז זיי בעהילפיג מיט ראַט און טאַט. אין אלע לענדער וואו די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג איז שוין גוט ענטוויקעלט, העלפען אויך די קרעדיט יוניאָנס א סך די קאָאָפּע־ראַטיווע הייזער געזעלשאַפטען.

## הייזער אין גרויסע שטעדט

די ענגלישע קאָאָפּעראַטיווע בוי־געזעלשאַפטען האָבען פאַרשפּ[...] זייער הויפּט־טעטיגקייט ניט אין די שטעדט, נאָר א ר ו ם [...] גרויסע שטעדט. דער גרויסער דייטשער קאָאָפּעראַטיוו „פּראָדוקציו[...] אין האַמבורג, האָט אויפגעבויט אין דער שטאָט גאַנצע גאַסען [...] מאָדערנע קאָאָפּעראַטיווע אַפּאַרטמענט הייזער. די דאָזיגע הייזער [...] בען אַלע מעגליכע היגיענישע איינריכטונגען.

אַלס א ביישפּיעל פון א גרויס־שטעדטישע אָרגאַניזאַציע איז [...] צו דערמאָנען די אַרבייטער קאָאָפּעראַטיווע בוי־געזעלשאַפט, אין [...] פּענהאַגען, וועלכע איז אָרגאַניזירט געוואָרען אין 1912. יעדער [...] גליד צאָהלט איין 10 דאָלאַר, וועלכע ווערט אָנערקענט אַלס א [...] זערוו־פאָנד. ווען דער מיטגליד וויל אַריינציהען אין אַן אַפּאַרטמ[...] דאַרף ער צוצאָהלען פון 70 ביז 125 דאָלאַר, לויט דער גרויס און [...] קוועמליכקייט פון די דירות. דער מיטגליד קריגט 4 פּראָצענט [...] די איינגעשטעקטע געלדער. יעדעס הויז איז א זעלבסטשטענד[...] בראַנטש, און האָט די פולע אויפזיכט אויף דער הויז. די דירה[...] ווערט באַשטימט לויט דער פּראָפּאָרציע פון אַלע אויבענדערמאָ[...] פאָנדען. די מאָרטגיידזשעס אויף די הייזער האַלטען דאָס רוב [...] קאָאָפּעראַטיווע קרעדיט פאַראיינען. ווען די מאָרטגיידזשעס ווע[...] אָפּגעצאָהלט, ווערט די דירה־געלד רעדוצירט. די הייזער ב ל [...] בען שטענדיג דאָס איינענטום פון ד[...] געזעלשאַפט. אין 1919 האָט די דאָזיגע געזעלשאַפט [...] געהאַט 600 אַפּאַרטמענטס אָדער „פלעטס", וואָס האָבען באַטראָפען [...] ערך איין מיליאָן דאָלאַר.

די דענישע קאָאָפּעראַטיווען פיהרען דורך דעם קאָאָפּעראַטי[...] פּרינציפּ ניט בלויז אין זייער אָרגאַניזאַציע, נאָר זאָגאַר אויך [...] דער פּראָדוקציאָן פון זייערע הייזער. אַזוי למשל, האָבען זיי [...] אייגענע ציגעל פאַבריק, וועלכע פּראָדוצירט איבער 4 מיליאָן צי[...] א יאָהר. זיי האָבען אויך אַן אייגענע צעמענט פאַבריק, איינ[...] פּלאָמבינג שעפּער א. א. וו.

אַן אַנדערע ערפאָלגרייכע קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט, וועלכע [...] זיך אָפּ מיט בויען הייזער, געפינט זיך אין באַזעל, שווייץ. די [...] זעלשאַפט האָט 18 מאָדערנע הייזער, מיט אַרום 100 אַפּאַרטמענטס. [...] דאָזיגע הייזער האָבען אויך אייגענע קאָאָפּעראַטיווע סטאָרס פאַר [...] פאַמיליעס.

פון די אַמעריקאַנער קאָאָפּעראַטיווע הייזער אין גרויסע שט[...] איז ווערט צו דערמאָנען די פינישע קאָאָפּעראַטיווע, ברוקלין, [...] יאָרק. די פינלענדער אין די פאַראייניגטע שטאַאַטען האָבען שוין [...] לאַנג צוריק געקראָגען די העכסטע אַנערקענונג פאַר זייער מוס[...] האַפטע קאָאָפּעראַטיווע טעטיגקייט. אָבער מיט זייער לעצטען [...] פּערימענט אין ברוקלין, ניו יאָרק, האָבען זיי זיך אַליין איבע[...] שטיגען.

אין אָנפאַנג זיינען זיי געווען אַרום צוועלף אין צאָהל. [...] פּלאַן איז געווען, צו לאָזען בויען אַן אַפּאַרטמענט הויז פאַר 16 [...] מיליעס. אָבער צו דעם צוועק האָט מען געדאַרפט 45 טויזענד דאָ[...] האָבען זיי פאַר אַלעם ערשטען אָנגעהויבען צו זאַמלען א פאָנד, [...] צו קויפען א פּלאַץ. און דורך וועכענטליכע אָפּצאָהלונגען הא[...] זיי ענדליך צוזאַמענגעשטעלט א סומע פון 8 טויזענד דאָלאַר און [...] קויפט א פּלאַץ. האָבענדיג דעם פּלאַץ האָבען זיי זיך געווענדע[...] דער פינישער קאָאָפּעראַטיווער באַנק, אין פיטשבורג, מאַסס., און [...] בען דאָרטען גענומען אויף א מאָרטגיידזש א געוויסע סומע ג[...] מיט וועלכער זיי זיינען צוגעטרעטען צו דער בויאונג פון ז[...] הויז. ווען דער פונדאַמענט און די ווענט זיינען געווען פאַר[...] האָבען זיי זיך געווענדעט צו דער זעלבער באַנק און האָבען גע[...] אַן הלואה אויף א צווייטען מאָרטגיידזש.

ווען דאָס הויז איז פאַרטיג געוואָרען האָבען די מיטגל[...] אַריינגעצויגען אין דער הויז. יעדע פאַמיליע האָט געקראָגען א [...] צימער אַפּאַרטמענט, וועלכע האָבען אַלע לעצטע מאָדערנע איינריכ[...] גען. די מיטגלידער צאָהלען אַרום 26 דאָלאַר א חודש דירה־[...] וועלכעס דעקט די לויפענדע הוצאות אויפצוהאַלטען די הויז, א [...] טייל פון דעם שטעלט זיך נאָך אָפּ, כדי ביסלעכווייז אויסצוצאָהלען [...] מאָרטגיידזש.

דער ערפאָלג פון דעם דאָזיגער הויז האָט שנעל צוגעצויגען [...] מיטגלידער, וועלכע זיינען געקליבען געוואָרען מיט דער גרע[...] פאָרזיכטיגקייט, און נאָך אַן אַפּאַרטמענט איז אויפגעבוים געוו[...]

# קינדער־אונטעריכט אין סעקסועלע פראגען

פון דר. ס. ס. פיערס. (אידיש פון רחל האלטמאן)

וי אזוי פלאנצען, חיות און מענשען פארמעהרען זיך

אין דעם ערשטען ארטיקעל איבער דער פראגע איז געווען
נגעוויזען די נויטוועטיגקייט צו אונטערריכטען קינדער אין
ער סעקסועלער פראגע. עס איז געווען אנגעוויזען, אז געוועהנ־
יך קריגען ביי אונז בחורים און מיידלעך א ריכטיגען באגריף
עגען דעם סעקסועלען לעבען כמעט מיט זעקס יאהר שפעטער
י זיי האבען נעקראגען פון „דער קופטען" די ערשטע איינדרוי־
ע וועגען דער זאך; עס איז אויך אנגעוויזען געווארען וואס
אר א שעדליכע רעזולטאטען עס קען ברייגגען זייער אונווי־
ענהייט אין דער הינזיכט.

פיעל שווערינקייטען, וואס זיינען פארבונדען מיט דעם פראַ־
עם פון ערקלערען קינדער דאס סעקסועלע לעבען, קענען זעהר
יכט בעזייטיגט ווערען, ווען מען ערקלערט זיי אין די גאנץ
נגע יאהרען, נאך פיעל פריהער ווי זיי ווערען סעקסועל רייף,
י אזוי פלאנצען און חיות לעבען און פארמעהרען זיך. ווען
ען וואלט זיי ערקלערט, אז דער פארמעהרונגס־פראצעס איז אן
געמיינער פאר אלעם, וואס לעבט, וואקסט און שטארבט,
אלטען זיי זיך אויסגעלערנט צו אכטען איהם אלס איינעם פון
נאטירליכע און וואונדערבארסטע לעבענספאקטען און וואל־
ען איהם ניט באטראכט (ווי זיי טוען דאס היינט צו טאג)
ם א מיאוס'ע זאך. ווען מען גיט קינדער צו פארשטעהן,
פארמעהרונג איז אן אוניווערסאלער לעבענסגעזעץ, איז שפע־
ר פיעל לייכטער צו געבען זיי אן אלזייטיגען באגריף וועגען
ם סעקסועלען לעבען.

דאס לעבען פון פויגלען קען דיענען אלס די בעסטע אילוס־
אציע פאר אן אנפאנג, ווייל פויגלען קען מען זעהן כמעט
מעטום, און זיי ציהען צו דעם קינד'ס אויפמערקזאמקייט. א
יגעלס נעסט און די אייעלעך, וואס ער לעגט דארט, זיינען
ע מאל פון גרויס אינטערעס פאר'ן קינד. מען קען ערקלע־
ן דעם איננעלע אדער דער מיידעלע, אז דער פאטער און די
טער פון דעם פויגעל בויען א נעסט, כדי צו האבען א וויך,
ורעם ווינעלע פאר די יונגינקע פויגעלעך. דאס קינד דארף
סען, אז אין דעם איי געפינט זיך דער אנפאנג פון א קליין
יפעלע און דעריבער טאר מען דאס קיין מאל ניט שעדיגען
ער ארויסנעהמען פון נעסט; אז די מוטער פון די פויגעלעך
ם געדולדיג אין נעסט, וואו זי האלט ווארעם די אייעלעך,
די קליינע פויגעלעך אינוועניג זאלען קענען וואקסען, און
דער פאטער, וואס זינגט ערגעץ אויף א בוים, ברייננט שפייז
ר זיין פרוי און בארהיט דאס נעסט פון שונאים. דאס האט
נטע ווירקונג אויף דעם קינד'ס פארשטעלונגס קראפט. ווען
ן דערצעהלט דעם קינד וועגען די אייעלעך, קען מען אויך
ען, אז זיי ווערען אויסגעבילדעט אין דעם קערפער פון דעם
טער־פויגעל, און אז אין יעדען אייעלע געפינט זיך ניט נאר
קליין אומפארענדיגט פויגעלע, נאר אויך גענוג שפייז צום
רען דאס וואקסענדע פויגעלע ביז די מוטער „לייגט" דאס
. מ'קען אויך ערקלערען, אז דאס אייעלע ענטהאלט אין
צוויי קליינע האלב־באשעפעניסען אדער צעלען, פון וועל־
איינע איז געמאכט געווארען פון דעם מוטער־פויגעל'ס קער־
און די צווייטע פון דעם פאטער־פויגעל'ס, און אז די ביידע
־באשעפעניסען שטעלען צוזאמען דעם קערפער פון דעם
ען פייגעלע. ווען מען דערצעהלט אזא מעשה'לע דעם קינד
ף מען זעהן, אז ביי איהם זאל קיין פראגע ניט בלייבען
פארענטפערט, אפילו בלויז איין נעדאנק. מען דארף איהם
ען, אז ער דארף אלע מאל פרעגען וועגען יעדער זאך, וואס
פארשטעהט ניט. דאס וויכטיגסטע איז צו געווינען ביים

קינד פאלשטענדיגען צוטרוי, אזוי אז ער זאל יעדעס מאל קומען צו די עלטערן מיט יעדער פראגע, וואס באאומרוהיגט זיין מח.

אלס א גוטער ביישפיעל קען דיענען דאס באמיסטיגען פון דער ערד (פערטיליזאציע), וואס איז נויטיג פאר דעם וואוקס פון פלאנצען. מ'קען אנווייזען, אז בלומען, דער שעהנסטער טייל פון יעדען פלאנץ, ענטהאלטען אין זיך די פארמעהרונגס־ארגאנען. די קליינינקע קערענדלעך, וואס געפינען זיך אויף דעם שפיץ פון די בלומען־פעדים, ענטהאלטען אין זיך דעם פא־טערס האלב־באשעפעניסען אדער זאמען־צעלען, און די אייע־לעך, וואס געפינען זיך אין די שטאמען (פיסטיל) פונ'ם בלום ענטהאלטען די מוטערליכע האלב־באשעפעניסען, וועלכע הייסען איי־צעלען. די שעהנע קאלירען פון די בלומען און זייער אנגע־נעמער ריח ציהען־צו צו זיך אינזעקטען, הויפטזעכליך בינען. ווען די דאזיגע באשעפעניסען קריכען ארום אין דער בלום, וואו זיי זוכען האניג, ווישען זיי אפ די זאמען־צעלען פון די בלומען־פעדים. ווען זיי פליהען נאכדעם אריבער צו אן אנדער בלום און קריכען אין איהר ארום, לאזען זיי איבער די זאמען אויפ'ן שפיץ פון די בלומען־שטאמען. די זאמען לאזען זיך ארונטער דורכ'ן שטאם, וואו זיי טרעפען זיך מיט די איי־צעלען. דער־פון ווערט איין צעל. די איי־צעל קען ניט וואקסען ביז עס קומט ניט פאר אזא פאראייניגונג. ווען יעדער בלום־שטאם קריגט אריין זאמען, ווערען די בלומען בלעטער פארטריקענט, און די באפרוכטבארטע אייעלעך ענטוויקלען זיך אין קערענד־לעך (סידס). ענדליך, ווען די קערענדלעך ווערען רייף ווערען זייערע הייטעלעך טרוקען און ברעקלדיג. ביסלעכווייז פאלען די הייטלעך ארונטער און די קערענדלעך ווערען צוזייט איבער דער ערד. זיי ליגען דא און ווארטען ביז דער פריהלינג ברענגט פאר זיי רעגען און זון־שיין; דאן וואקסען זיי זיך פאנאנדער אין קליינינקע פלאנצען.

מען דארף אויך דערצעהלען קינדער, ווי אזוי עס פארמעה־רען זיך פיש. אין א שטילען, פלאכען פלאץ אונטער'ן וואסער לייגט „די פרוי־"פיש אייעלעך. באלד נאכדעם ווי זי האט אפגעטאן איהר ארבייט, לאזט דער מאנסביל־פיש ארויס פון זיין קערפער זאמען־צעלען. די זאמען פאראייניגען זיך מיט די אייעלעך, און עס פאנגט אן צו וואקסען א קליין פישעלע. די „עלטערן־"פיש גיבען ניט אכטונג אויף זייערע קינדער, ווי דאס טוען פויגלען, נאר לאזען זיי וואקסען אויף גאט'ס בארא‍ט. ווען דאס יונג פישעלע פארברויכט די גאנצע נאהרונג וואס דאס אייעלע ענטהאלט, מוז דאס גאנצע באשעפעניש זוכען שפייז אין'ם וואסער, וואו עס לעבט.

קליינע אינגלעך אינטערעסירען זיך אפט מיט זשאבעס (פראגס) און אנדערע שרצים. דער מערקווירדיגער וואוקס פון אן אייעלע, וואס געהט איבער אין פארשידענע פארמען ביז עס ווערט פארוואנדעלט אין א זשאבע, איז אן אנדער פאל, וואס קען אילוסטרירען דעם אלגעמיינעם געזעץ פון דעם פארמעה־רונגס־פראצעס.

ווען א קינד האט א הינטעלע, א קעצעלע, א העזעל, אדער אן אנדער חיה'לע, קען ער אפט שטעלען א פראגע: „פון וואַ־נען האט זיך גענומען די בייבי־קעצעלע?". אויב דאס קינד ווייסט שוין עטוואס וועגען אנדערע פארמען פון פארמעהרונגס־פראצעס, ווי די, צ. ב., וואס זיינען אנגעוויזען אויבען, איז זעהר לייכט איהם צו ערקלערען, אז אנשטאט צו לייגען אייעלעך און זיצען אויף זיי, ווי עס טוען פויגלעך, האט די קאץ אין איהר קערפער א ספעציעלען פלאץ, וואו זי ווארעמט די אייער אזוי לאנג, ביז די יונגע קעצעלעך זיינען גרויס גענוג געבארען צו ווער־רען און דארפען מעהר ניט וואוינען אין דער מוטער'ס בויך.

אונזער פלאץ איז צופיעל באגרענעצט, אז מיר זאלען זיך דא
ער קענען אפשטעלען אויף די קאאפעראטיווע הייזער־בוי־געז־
אפטען. אבער פון דעם אלעם, וואס מיר האבען אנגעצייגט איז
ג קלאר, אז קאאפעראציע קען א סך העלפען דעם רענט־פראבלעם.
ירליך, קען די רענט־פראגע בשום אופן דורך קאאפעראציע אליין
ם ניט געלעזט ווערען. די רענט־פראבלעם, ווי שוין געזאגט, איז
א צו קאמפליצירטע, אז זי זאל דורך איין איינציגען מיטעל געלעזט ווערען — גאנץ גלייך, וואס דער מיטעל זאל ניט זיין. אבער ביז וואנען אונזער שלאפענדע (און אפשר איז זי גאר צו וואך?...) געזעצגעבונג וועט עפעס ממשות'דיג טאן פאר דעם רענט־פראבלעם, דארפען די אויבענדערמאנטע מיטלען איבעראל אנגעווענדעט ווערען. עס איז זעהר א לאנגזאמער מיטעל, אבער א זיכערער.

# דער באנקראט פון דער קאפיטאליסטישער ערציהונג

פון רחל האלטמאן

עס איז א מערקווירדיגע זאך, וואס אין אזא לאנד ווי אמעריקע, מיט איהר צוואנגס־שול סיסטעם, מיט איהרע אונ־צעהליגע פרייע לעהראנשטאלטען, לאבאראטאריס, ביבליאטעקען און גרויסע צאהל לעהרער, זאל זיין מעגליך אזא ערשיינונג, וועלכע די אפיציעלע סטאטיסטיק ווייזט אן: קוים איין פראצענט פון דער גאנצער שול־יוגענד געהט אזוי ווייט ווי צו קריגען א העכערע בילדונג אין אוניווערסיטעטען, קאלעדזשעס, א. א. וו.; נאר פינף פראצענט ענדיגען א היי־סקול און מעהר ווי א העלפט זיינען פארטיג מיט זייער בילדונג נאך איידער זיי מאכען הורך דעם פינפטען גראד פון אן עלעמענטאר־שולע.

מיט וואס קען מען אזא ערשיינונג ערקלערען? עס זיינען דא פיעלע אורזאכען, אבער די מעהר וויכטיגע פון זיי זיינען: ערשטענס, די אונטערריכטס־מעטאדען, וואס ווערען געברויכט אין די אמעריקאנער שולען; און, צווייטענס, די בעציהונג פון דער געזעלשאפט צו דער שולע.

עס איז ווערט זיך אפצושטעלען הויפטזעכליך אויף דער אזוי גערופענער גרייד־סקול (אנפאנגס־שולע), ווייל די מאיאריטעט פון דער יוגענד געהט ניט ווייטער ווי דאס. די גאנצע בילדונג, וואס ווערט אין דיזע שולען געגעבען, איז איינזייטיג, ספעציאליזירט און באשרענקט. עס איז נאר א פלאץ וואו קינדער לערנען גענויטשטענדע מיט וועלכע זיי וועלען זיך דארפען באנוצען, ווען זיי וועלען זיין דערוואקסענע, ווי לעזען, שרייבען און רעכענען, פארנאכלעסיגענד פיעלעס, דורך וועלכעס דאס קינד וואלט די אלע זאכען געקענט לערנען דורך אזא מעטאדע, וואו עס וואלט פאר דעם קינד געווען אי א פארגעניגען, אי א נוצען. עס וואלט נאך אבער געווען א האלבע צרה, ווען ביים ענדיגען די שול וואלטען זיי ווענינגסטענס וויסען ווי זיך צו באנוצען מיט זייערע קענטניסע אין לעבען. אלס א ביי־שפיעל קען מען נעהמען דאס רעכענען, וואס עס ווערט געלערנט אין שול, אין פארגלייך מיט דעם וואס מען געברויכט איצט אין באנקען און געשעפטען; און עס ווייזט זיך ארויס, אז די מעטאדע פון רעכענען איז אין שול אזוי אלט, אז קיין באנקיר אדער געשעפטסמאן געברויכט זי שוין פון לאנג ניט. דער שילער מוז אנהויבען די זאך לערנען פון דאס ניי אין א גאנץ אנדער פארם אום זיך צו קענען באנוצען דערמיט.

דאס זעלבע איז מיט׳ן לערנען פון דער לאנד־שפראך. די אונצעהליגע גראמאטישע רעגלען, וואס דאס קינד לערנט יאהרען לאנג, מאכט זיין שפראך ניט רייכער, עס פארשטאפט נאר זיין מוח. עס איז א באוואוסטער פאקט, אז די פראפעסארען אין די אוניווערזיטעטען באקלאגען זיך זעהר אפט אויף דעם ארע־מען ענגליש וואס די יונגע סטודענטען געברויכען אין זייערע שרייב־ארטען. און דאס קומט דערפון, וואס דאס קינד קריגט פון אנפאנג אן אזא מאגערע אלגעמיינע ענטוויקלונג, אז עס האט ניט גענוג ווערטער אויסצודריקען א פולען געדאנק אפילו אין זיין מוטער־שפראך.

דאס וואס איז ריכטיג אין באצוג צו רעכענען און שפראך־קענטניסע, קען אויך געזאגט ווערען וועגען געאגראפיע, וואס איז אזא וויכטיגער געגנשטאנד, ווען ער איז אונטערריכט ווי עס געהערט צו זיין. מען וועט געפינען פיעלע פון די ש[...] קינדער, וואס וועלען וויסען אייניצעלהייטען וועגען אפר[...] אדער אויסטראליע, אין דער צייט ווען זיי וויסען ניט [...] נאמען פון דעם טייך, וואס פליסט ניט ווייט פון זייער ה[...] אדער די פיזישע און עטנאגראפישע באדינגונגען פון דער א[...] געגענד אין וועלכער זיי וועלען דארפען פארברייגען זייער [...] צען לעבען.

אט אזוי לערנט דאס קינד אין איין קלאס גראמאטיק, אן אנדער קלאס געאגראפיע, און אין א דריטען אריפמעט[...] ניט זעהענדיג אין דעם קיין צוועק און קיין צוזאמענהאנג. פארברייגנט דארטען די בעסטע שטונדען פון טאג זיצע[...] שטייף אויף זיין באנק, צוהערענדיג זיך צו געוויסע ארדערס ניט באוועגען זיך, ניט ריידען מיט זיין חבר, ניט ארויסהע[...] א צווייטען שילער אין דער ארבייט, ניט קוקען אין אן אנ[...] זייט ווי אויפ׳ן לעהרער, אדער לערנען פון ביכעל א נעווי[...] פאראגראף, וואס איז פאר׳ן קינד נאר פראזען אהן אן אינה[...]

דאס קינד זעהט באלד אז די אומגעבונג און אינטער[...] פון דער שולע זיינען גאנץ אנדערע ווי פון זיין היים, זיי[...] דערשפרעכען אפט איינע די אנדערע. די שול איז פאר [...] ניט די א י ד ע א ל ע היים, וואו אן אינטעליגענטעס [...] פאסט אויף און זעהט וואס פאר איהם איז גוט און קע[...] יעדער צייט אויסהעלפען מיט אלץ, וואס עס פעהלט א[...] דער לעהרער, אין א קלאס פון א 40־60 קינדער, האט צייט און קיין לוסט ניט זיך אפצושטעלען אויף יעדען קינד דיווידועל, בעהאנדעלט קינדער אגולנע; מען שטודירט די אייגנשאפטען פונ׳ם קינד. מען אינטערעסירט זיך [...] מיט זיינע אינסטינקטען און געוואוהנהייטען. די שולע [...] דארום פאר׳ן קינד ניט דער פלאץ, וואו ער לעבט, נאר ער מוז צוגרייטען א געוויסע צאהל לעסאנס. אנשטא[...] זיין א טייל פונ׳ם קינד׳ס לעבען, ווערט די שול אפגעפר[...] פון זיין היים און זיינע אינטערעסען.

עס געהט אוועק א געוויסע צייט און מיר דערקענע[...] רעזולטאטען פון דער שול. דעם קינד׳ס פארטיפען זיך אי[...] טרוקענע פאקטען און אמת׳ען, זיין אפגעזונדערטקייט טרוקענע באציהונגען מיט אנדערע קינדער רופען אין [...] ארויס עגאאיסטישע געפיהלען און באגריפען. „מיינע יור[...] ביזנעס" ווערט די פילאזאפיע פון זיין לעבען. דאס איינ[...] פעלד, אויף וועלכען דאס קינד קען זיך אויסצייכענען, אנגעדייטעט פונ׳ם סיסטעם פון דער שולע, דאס הייסט, אויסצייכענען דערמיט, וואס ער קען מעהר פון אנדערע סטראקטע גראמאטישע רעגלען, וואס ער האט אין דעם א[...] געהאלטען בעסער דעם עקזאמען, האט אנגעקליבען מעהר קענע אינפארמאציע און געאגראפיע, און האט געלעזט [...] פון אן אנדערען אן אבסטראקטען אריפמעטישען פראבלעם

(ענדע אויף ז. 64)

מען דארף אויך גענוי ערקלערען, אז ביז די קעצעלעך ווערען גענוג גרויס זיי זאלען אליין קענען געפינען פאר זיך שפייז, מוז די מוטער שפייזען זיי מיט איהר אייגענעם מילך.

עס פארשטעהט זיך, אז ערשט נאך דעם ווי די אלע פאר־מען פון פארמעהרונגס־פראצעס זיינען באשפראכען געווארען, קען מען צוטרעטען צו דער פראגע, ווי אזוי קינדער ווערען גע־בארען. אבער פיעל מאל זייגען די עלטערן געצוואונגען צו רעדען וועגען דער פראגע נאך איידער דאס קינד ווייסט פון אנדערע פארמען פון פארמעהרונג. אין אזא פאל דארף מען זיין אזוי איינפאך ווי מעגליך און וואס אפטער ברייגען ביי־שפיעלע פון דעם לעבען פון פלאנצען, פון פיש, פויגלען א. אז. וו.

אזא אונטערריכט דארף ניט געגעבען ווערען פאר איין מאל. עלטערן דארפען רעדען וועגען דעם מיט׳ן קינד, ווען עס מאכט זיך א פאסענדע געלעגענהייט. זיי קענען ציהען די אויפמערקזאמקייט פון דעם קינד אויף דעם פאקט, ווי פא[...] פארמעהרען זיך, און אויף אזא אופן ביסלעכווייז איבערגע[...] אנדערע העכערע פארמען פון דעם פראצעס. וואס מעהר געמיינע קענטניסע וועגען דעם לעבען וואס דאס קינד אלץ בעסער און גענויער איז פאר איהם בכלל און אלץ טער איז אין די שפעטערע יאהרען צו ערקלערען איהם די ציהונגען צווישען מאן און פרוי.

די פאבליק העלטה סוירווייס פון די פאראייניגטע שט[...] האט פארעפענטליכט א ליסט פון די ביכער, וואס קענען [...] העלפען די עלטערן אין דעם אונטערריכט, וואס איז דא [...] וויזען. יעדער איינער קען קריגען פון דעם דעפארטמענט נויטיגע אינפארמאציע. פאר דעם צוועק דארף מען זיך [...] דען צום פאבליק העלטה סוירווייס אין וואשינגטאן נאך פאמפלעט „ר" פאר עלטערן.



# אפיציעלע אפטיילונג



אַפיציעלע פּראָטאָקאָלען פון דער צוואַנציגסטער קאָנוועגשאָן פון אַ. ר. אין נואַרק, נ. דזש., מאַי 2—9, 1920,

## ערעפענונג פון קאָנווענשאָן.

די צוואַנציגסטע קאָנווענשאָן פון אַ. ר. איז ערעפענט גע... רען זונטאג דעם 2טען מאַי 1920, 2 אוהר נ. מ. אין קרוגער'ס ...ודיטאָריום, וועלכע איז דער גרעסטער זאַל אין נואַרק.

די האָל נעמט אריין ארום צוויי טויזענד פינף הונדערט ...ערזאָן און ס'איז פאַרשטענדליך אַז טויזענדער מענשען האָ... ...ן געמוזט צוריק געהן ענטוישט וואָס קענען ניט בייוואָהנען ...י פייערונג פון דעם צוואַנציגסטען געבורטסטאָג פון אַ. ר.

איידער די קאָנווענשאָן איז אָפיציעל ערעפענט געוואָרען ...אָם דער אַ. ר. כאָהר פון פּעטערסאָן, אונטער דער פיהרער... ...אַפט פון. י. פיראָזשניקאָוו געזונגען די „מאַרסעלעזע", די ...שבועה" און דעם „ארבייטער רינג הימן". דער כאָהר איז ...יפּגענומען געוואָרען מיט גרויס בעגייסטערונג און ווארימע ...פּלאָדיסמענטען.

...פר. ה. אויערבאך, טשערמאַן פון דער נואַרק קאָנוו. אַראַנ... ...שמענטס קאָמיטע, האָט דאַן ערעפענט די קאָנווענשאָן. אין ...קורצע רעדע האָט ער ערקלערט אַז נואַרק איז אָהן צווייפעל ...ערעכטיגט צו האָבען ביי זיך אין שטאָדט די 20־יעהריגע ...אָנוו. פון אַ. ר., ווייל דזשוירסי איז געווען דער ערשטער ...טיים נאָך נויאָרק וואָס האָט אָנגעהויבען גרינדען בראַנטשעס ...ן אַ. ר. באַלד ביי דער גרינדונגס־פּעריאָדע פון אונזער אָרדען. ...אויערבאַך דערמאָנט דעם פאַקט אַז ביי דער 7טער קאָנווענ... ...אָן וואָס איז אָבגעהאַלטען געוואָרען אין 1907 איז באַשלאָ... ...ן געוואָרען צו בויען דעם סאַניטאַריום, און זייט דאַמאַלס ...ט דער אַ. ר. אויפגעטהאָן גרויסע וואונדערבאַרע ארבייט ...ן איז אויסגעוואַקסען אַלס גרויסע קולטורעלע און זעלבסט... ...לך אינסטיטוציע. ער זאָגט, אַז ביי דער נואַרקער קאָנווענשאָן ...ן 1907 האָט דער אַ. ר. אויך געהאַט אַ פּאַראַד; יענער פּאַראַד ...ז זיכער ניט געווען אַזוי גרויס ווי דער היינטיגער, אָבער ...ך איז ער אין מאַנכע הינזיכטען געווען שעהנער און איינ... ...זקספולער, ווייל דאַמאַלס האָבען נאָך פריי געפלאַטערט אי... ...ר די קעפּ פון די מאַרשירענדע אונזערע רויטע פאָהנען.

ער שטעלט דאַן פאָר דעם טשערמאַן פון אַ. ר., פר. אַב. ...שטיין, וועלכער ערקלערט די קאָנווענשאָן אָפיציעל ערעפענט.

...פר. עפּשטיין האַלט אַ לאַנגע באַגייסטערטע רעדע, אין ...עלכער ער גיט איבער אַלע איינצעלהייטען פון דער טהעטיג... ...יט פון דער פאַרוואַלטונג פון לעצטען יאָהר. ער זאָגט: יע... ...ן יאָהר ווען מיר פלעגען קומען צו אונזערע קאָנווענשאָנס ...בען מיר זיך געפרעהט מיט די אויפטואונגען און מיט דער ...מיווטעט פון פערגאַנגענעם יאָהר. היינט אָבער פרעהען מיר ...ך און גראַטולירען זיך מיט די שעהנע פרוכט און די גלענצענ... ...רעזולטאַטען פון לאַנגע אונערמיעדליכע צוואַנציג יאָהר אַר... ...יט. די היינטיגע קאָנווענשאָן וועט וואַרשיינליך האָבען צו ...רצייכענען נייע קאַפּיטלען אין דער געשיכטע פון אַ. ר. דאָס ...ן די שיר־השירים קאָנווענשאָן פון אונזער אָרגאַניזאַציאָן.

...מיט אומגעפער 14 יאָהר צוריק האָט אונזער פאַרשטאָר... ...נער דיכטער יעקב גאָרדין אָנגעשריבען אַ פאַנטאַזיע אין ...עלכע ער חלום'ט אַז דער אַ. ר. באַשטעהט פון ארום צוויי הונ... ...רט בראַנטשעס איבערן לאַנד, פאַרמאָגט אַ האַלבען מיליאָן ...לאַר, איינענע קינדער־שולען, אַן איינענעם אינסטיטוט וואָס ...ן דער צענטער פון ארבייטער באַוועגונג. ווענען דעם האָט ...ב גאָרדין פאַנטאַזירט ערשט מיט 14 יאָהר צוריק. עס טוט ...ז לייד וואָס דער גרויסער דיכטער איז יעצט טויט און קען ...ט זעהן ווי זיין חלום איז אַ ווירקליכקייט געוואָרען. דער ...ר. איז יעצט פאַרצווייגט אין 640 בראַנטשעס, פאַרמאָגט איי... ...ר אַ מיליאָן און אַ פערטעל דאָלאַר, האָט אַן אַרמעע פון ...בער אַכציג טויזענד מיטגלידער, שטיצט און האַלט אויף 30 ...דער שולען איבער די פאַראייניגטע שטאַטען און קענעדע ...ן אין פילע שטערט האָבען אונזערע בראַנטשעס קאָאָפּעראַ... ...וע אונטערנעמונגען און ליבראַר לייסעאומס. וועלכע זיינען

### די קולטורעלע צענטערס אויף דער אידישער גאַס.

צו דער היינטיגער קאָנווענשאָן קומט דער אַ. ר. אַלס גע־ זונט־ענטוויקעלטער שטאַרק־געבויטער בחור פול מיט ענערגיע פאַר נייע גרויסע אונטערנעהמונגען. איהר, דעלעגאַטען און מיט־ גלידער פון אַ. ר., דאַרפט זעהן אַז דיזע ענערגיע זאָל ניט פאַרגעשוואַכט און איינגעצוימט ווערען, יעדער דעלעגאַט, אַזוי שנעל ווי ער טוט אָן זיין „בעדזש", דאַרף געדענקען אין די גרויסע אויפגאַבען, אין וועלכע ער וועט זיך דאַרפען פּאַראַינ־ טערעסירען, און זיך באַציהען צו זיי ערנסט און אויפריכטיג פאַר'ן ווייטערדיגען פּראָגרעס פון אַ. ר.

אין דעם מאָמענט וואָס מיר קומען זיך צוזאַמען צו פייע־ רען דעם צוואַנציגסטען געבורט פון אונזער אָרגאַניזאַציאָן, ערינערען מיר זיך צוזאַמען מיט אַלע אַלטע טוער, אַז ד'ער וועג פון דעם ארב. רינג'ס ענטוויקלונג איז ניט געווען מיט בלומען אויסגעשפּרייט. מיר האָבען געהאַט שונאים פון אַלע זייטען :— אַזעלכע וואָס האָבען אונז ניט פאַרשטאַנען און אויך אַזעלכע וואָס האָבען אונז יאָ פאַרשטאַנען און אין דער שטיל זיך גע־ שראָקען פאַר אונזער מאַכט און איינפלוס.

די רעזולטאַטען פון אונזער צוואַנציג־יעהריגע ארבייט שטיינען אריבער אַלע ערוואַרטונגען אויף קהבעים אונזערע עפענטליכע און באַהאַלטענע שונאים.

אויף דיזען יאָהר האָבען מיר צו פאַרצייכענען גרויסע אויפטואונגען מיט וועלכע מיר קענען אַלע שטאָלצירען. כמעט אַלע אונזערע אונטערנעמונגען זיינען געקרוינט. געוואָרען מיט ערפאָלג. מיר האָבען זיך פאַרפליכטעט דיזען יאָהר צו שאַפען אַ 50 טויזענד דאָלאַר פאָנד פאַר אונזערע אונגליקליכע שוועס־ טער און ברידער אויף יענער זייט ים. מיר זיינען גליקליך צו מעלדען אַז דיזע סומע איז שוין ווייט אריבערגעשטיגען — און אין קורצען וועלען מיר איבערגעבען צו דער פיפעלס רעליעף קאָמיטע 75 טויזענד דאָלאַר. (שטאַרקער אַפּלאָוז.) ניט קו־ קענדיג אויף דער גרויסער כוואַליע פון רעאַקציע וואָס מיר לעבען יעצט דורך, און וועלכע האָט אין פילע שטעדטלעך אין גאַנצען פאַראַליזירט די ארבייט פון אונזערע בראַנטשעס, האָט די ארבייט אין אונזער מעמבערשיפּ קעמפּיין פאַר צוואַנציג טויזענד נייע רעקרוטען, דאָך געבראַכט העכסט ערפרעהענדע רעזולטאַטען. אפילו די אינפלוענציא מגפה האָט אויך ניט געקענט האָבען קיין ווירקונג אויף דער ווייטערדיגער ענטוויק־ לונג פון אונזער אָרגאַניזאַציאָן. מיר קומען צו דיזער קאָנ־ ווענשאָן מיט אַ צוואַוואוקס פון איבער צוועלף טויזענד נייע מיטגלידער.

די ארבייט פון נאַצ. עקז. קאָמיטע אויף דעם געביעט פון מאַכען דעם אַ. ר. געזעצליך אין אַלע סטייטס, האָט אויך גע־ מאַכט אַ היבשען שריט פאָרווערטס, אַזוי אַז עס זיינען דאָ אַלע אורזאַכען צו גלויבען אַז אונזער נעקסטע קאָנווענשאָן וועט קומענדען יאָהר געהאַלטען ווערען אין באָסטאָן, מאַסס. (גרויסע שטורמישע אַפּלאָדיסמענטען.)

די רעקאָמענדאַציאָנען וואָס די נאַצ. עקז. וועט פאָרברענ־ גען וועלען זיין פון גרויס וויכטיגקייט, און אויב זיי וועלען אָנגענומען ווערען וועט די היינטיגע קאָנווענשאָן פאַרצייכענט ווערען אַלס אַ היסטאָרישע: די נאַצ. עקז. רעקאָמענדירט צוויי־ שען אַנדערעס צו שאַפען אַ היים פאַר די עלטערע מעמבערס; צו העלפען די ניו־יאָרקער בראַנטשעס אויפבויען אַן אַ. ר. היים, וועלכע זאָל אויך דיענען אַלס האָום אָפיס; צו באַשטימען אַ פּריוויליגע ביישטייערונג פון 15 סענט פער מיטגליד כדי צו שאַפען אַ פאָנד פון 10 טויזענד דאָלער פאַר די היברו אימיג־ ראַנט אייד סאָסייעטי, כדי דער אַ. ר. זאָל האָבען אַ חלק אין דער אויפבויאונג פון דער נייער אימיגראַנטען־היים, וועלכע איז אַ פאָלקס אינסטיטוציע.

אין פערלויף פון די 20 יאָהר פון דער עקזיסטענץ פון אַ. ר. האָט אונז געקאָסט פיעל מיה, שווייס און בלוט צו העלפען אַנ־

פיהרען דעם קאמף פאר שאפען א נייע און שעהנערע וועלט. דער א. ר. איז געווען דער ערשטער וועלכער איז ארויסגעטראטען אויף דער אידישער גאס און האט אנגעצייגט די ארבייטער אז עס איז דא אן אויסוועג זאגאר אונטער די יעצטיגע באדינגונגען אויסצומיידען צדקה און פילאנטראפיע, אונזער אגיטאציע און אידעען האבען געפונען אן אפקלאנג ביי די פראגרעסיווע ארביימען מאסען, און דאס האט אונז געגעבען באגייסטערונג פאר ווייטערדיגע טהעטיגקייט. די היינטיגע צוואנציגסטע יעהרליכע קאנווענשאן איז א הערליכער באווייז אז דער קאמף איז ווערט געווען אלע אנשטרענגונגען.

פר. אב. עפשטיין בעט אלע דעלעגאטען און אלע אנוועזענדע זיך אויפצושטעלען פון זייערע פלעצער אלס אויסדרוק פון עהרע צו די איבער דריי הונדערט מיטגלידער פון א. ר. וועלכע זיינען לעצטען יאהר געשטארבען אדער געפאלען אויף די שלאכטפעלדער אין דעם „קאמף פאר דעמאקראטי“. —

ער געהט דאן איבער צו נאמינייישאנס פאר טעמפארארי טשערמאן, פר. י. וויינבערג פון ניו־יארק ווערט איינשטימיג ערוועהלט.

אלס טעמפארארי סעקרעטער ווערט ערוועהלט פר. גודעלמאן פון ניו־יארק.

פר. וויינבערג נעמט דאן איבער דעם פארזיץ פון קאנווענשאן און אין קורצע ווערטער שטעלט ער זיך אפ אויף דער שטופענווייזער און שטענדיגער ענטוויקלונג וואס דער א. ר. האט געמאכט פון איין קאנווענשאן צו דער צווייטער. ער זאגט צווישען אנדערעס:

ניט בלויז די היינטיגע קאנווענשאן דארף באטראכט ווערען אלס די וויכטיגסטע, נאר אויך יעדע קאנווענשאן פון די פארגאנגענע יאהרען דארף אזוי באטראכט ווערען. אנפאנגענדיג פון דער קאנווענשאן אין 1907 וואס איז אבגעהאלטען געווארען אין נוארק, איז כמעט יעדע קאנווענשאן געווען עפאכע־מאכענד אין דער געשיכטע פון א. ר. אין 1907, אין נוארק, האבען מיר אנגעפאנגען דורכצופיהרען גרויסע פראקטישע אונטערנעמונגען פאר'ן א. ר. אונזער סאניטאריום, וועלכער איז דער שטאלץ פון דער גאנצער ארבייטער באוועגונג, איז אויך א פראדוקט וואס איז באשאפען געווארען ביי דער 7טער קאנווענשאן אין נוארק. די קאנווענשאנס אין שיקאגא אין 1915 און אין די בראנקס אין 1917, וואו עס זיינען אנגענומען געווארען ענדערונגען אין אונזער צאהלונג סיסטעם אויף איינצופיהרען „פראטוירנאל רייטס“, האבען פאר אונז געעפענט נייע האריזאנטען און מעגליכקייטען. א דאנק די ענדערונגען, וואס זיינען דאמאלס דורכגעפיהרט געווארען, איז דער א. ר. ניט בלויז געווארען געזעצליך אין פיעלע נייע שטאאטען און אין גאנץ קענעדע, נאר דאס האט אויך געגעבען א געלעגענהייט דעם טשערמאן פון דער נאצ. עקז. צו אנאנסירען היינט אז עס זיינען פאראן גרויסע האפנונגען צו האבען אונזער נעקסטע קאנווענשאן אין באסטאן און פארווירקליכען דעם וואונש — צו האבען איין א. ר. אין אמעריקא.

די נאצ. עקז. קומט דיזען יאהר צו דער קאנווענשאן מיט איבער 80,000 מיטגלידער. און לאמיר באלד דא אינסטרואירען די נעקסטע פארוואלטונג צו נעהמען אויף זיך די אויפגאבע צו קומען צו דער 21טער קאנווענשאן מיט 100,000 מעמבערס.

דער שיקזאל האט אזוי געוואלט, אז אונזער 20טע יוביליעאום קאנווענשאן זאל גראדע אויספאלען אין אזא פינסטערע צייט, ווען אונזערע הערליכסטע פערזענליכקייטען זיינען פארשפארט אונטער אייזערנע גראטעס בלויז פאר דער זינד, וואס זיי האבען דעם מוט ארויסצוטרעטען פריי און אפען פאר דער אידעע, וואס איז ביי אונז אלעמען הייליג און טייער. עס פארקלעמט דאס הארץ צו דערמאנען זיך, אז אין דעם יעצטיגען מאמענט זאל דער אלטער וועטעראן פון דער ארבייטער באוועגונג זיין צווישען די פארשיקטע און פארשפארטע.

לאמיר האפען, אז די נעקסטע קאנווענשאן וועט אפגעהאלטען ווערען אונטער א סך גינסטיגערע באדינגונגען און די פרייהייטס־קעמפער און אונזערע טרייע און איבערגעבענע גענאסען וועלען צוריק זיין צווישען אונז.

דעל. ה. גאלדין פון ניו־יארק שלאגט פאר צו שיקען א באגריסונגס־טעלעגראמע צו יודזשין וו. דעבס און אויסדריקען אונזער סימפאטיע און הייסען וואונש, אז ער צוזאמען **מיט די איבעריגע פאליטישע ארעסטירטע זאלען זיין גיבען בא־**

פרייט ווערען אונטער דעם דרוק פון די פאדערונגען פון ד
ארגאניזירטער ארבייטערשאפט. — דער פארשלאג ווערט אנג
נומען מיט גרויס באגייסטערונג.

פר. וויינבערג שטעלט פאר גענ. ב. פייגענבוים, וועלכ
איז געווען דער ערשטער סעקרעטער פון א. ר.

גענ. ב. פייגענבוים ווערט אויפגענומען מיט שטורמדי
לאנג־דויערענדע אפלאדיסמענטען. ער פאנגט אן זיין רעדע:

מיר האבען דערלעבט צייטען, וועגען וועלכע מיר האב
זאגאר ניט גע'חלום'ט. און ווען מיר האבען זיך אזעלכע צייט
פארגעשטעלט פלעגען מיר זאגען, אז מיר וועלען זיי שוין נ
דערלעבען, אפשר וועלען אונזערע קינדער זיי דערלעבען. אב
מיר אליין האבען דערלעבט משיח'ס צייטען — דעם אנפאנג
דער סאציאלער רעוואלוציע איבער דער גאנצער וועלט. ו
מיר פלעגען ביי אונזערע מאסען־פארזאמלונגען מיט באגייסט
רונג אויסרופען: „עס לעבע די סאציאלע רעוואלוציע“, האב
מיר זיך בלויז פארגעשטעלט די גאלדענע שטראלען פון יענ
גליקליכער צוקונפט, מיר האבען זיך אבער ניט אריינגעטראכ
אז ביי יעדער „געבורט“ מוזען אויך זיין „וועהען“. מיר לעב
איצט דורך שווערע צייטען פון צושפליטערונג און שפאלטונג
אין אונזערע רייהען. דער א. ר. האט ביי זיין גרינדונג דור
געלעבט א צייט פון אונאייניגקייט און צוריסענקייט אין ד
סאציאליסטישער באוועגונג. אבער די גאנצע צייט פון זיין ע
זיסטענץ האט דער א. ר. אין זיינע אייגענע רייהען אנגעפיה
א שטארקע טעטיגקייט אויף דעם געביט פון אחדות און הא
מאניע, און דערפאר איז ער יעצט אזוי שטארק און מעכט
ווען פון א פוס רייסט זיך אפ א שטיק פלייש און דער ב
בלייבט געזונד און אומבארירט, נעמט בלויז א קורצע צ
ביז דאס פארוואונדעטע שטיק פלייש ווערט צוריק פארהיי
דער א. ר. איז איצט דער אייניציגער געזונדער ביין אין ד
ארבייטער באוועגונג. אז דיזער ביין איז גאנץ, וועלען
וואונדען אויף די איבעריגע טיילען פון דער ארבייטער באו
גונג שנעל פארהיילט ווערען.

גענ. אלגין באגריסט די קאנווענשאן אין נאמען פון ד
אידישער סאציאליסטישער פעדעראציע.

אין א שווערע, פינסטערע צייט — זאגט ער — פארזאמ
זיך די דעלעגאטען צו דער 20־טער קאנווענשאן פון א. ר.
לאנג בין איך דא אין דיזען לאנד — אין גאנצען פינף יא
אבער די שווערע איבערלעבונג פאר דער צייט מאכען מיר ה
קען אז איך בין שוין דא א סך לענגער. איך פערזענליך ה
א טענה צו אמעריקא: מען האט מיך אפגענארט. מען ה
מיר געזאגט, אז אין דיזען לאנד האט יעדער איינער א רע
ארויסצוזאגען וואס ער דענקט און פיהלט. בין איך געקומ
זיך אויסגעלערנט די שפראך פון לאנד. זאגט מען מיר:
שפראך מעגסטו ריידען, אבער די געדאנקען אויסדריקען
דער שפראך טארסטו ניט. אין היינטיגען פאראד האב
געזעהען בלויז געלע פעהנער, און ווען איך האב געזעהען א
די געלע פעהנער די „רינגען“ פון דער א. ר. קייט, האב
געפיהלט, ווי א שווערער וואלקען פארלמארעט מיינע אויג
זעהענדיג אבער די גרויסע באגייסטערטע מאסען אין דיזען ז
און די פארטרעטער פון די צעהנדליגע טויזענדער ארבייט
וואס האבען אייך אהער געשיקט, טראכט איך זיך, אז מען
ניט זיין פארצווייפעלט. עס זיינען געווען ערגערע און שו
רערע צייטען — אין רוסלאנד און אין אנדערע לענדער און
ארבייטער האבען זיי איבערגעלעבט.

די אידישע ארבייטער־אימיגראנטען האבען אויסגעהאל
דעם עקזאמען און זיי וועלען אין דער צוקונפט אויסנוצען
אלטע אמעריקאנער פרייהייטען אויף סאציאליסטישע יסוד
ווען מיר ווערען ביהגער פון דעם לאנד, שווערען מיר טריי
צו דער קאנסטיטוציע פון די פאראייניגטע שטאאטען; א
ווען מיר פאדערען די רעכטע און גאראנטיען וואס די קאנס
טוציע פארזיכערט אונז, ווערען מיר באטראכט אלס געפעה
כע מענשען און פארברעכער. עס וועלען אריבער די וואלק
אויב ניט וועלען מיר זיי פארטרייבען!... מיר פיהלען, אז א נ
צוקונפט קומט, אז זי קלאפט אין טיר. מיר מוזען פון
ארונטערוואַרפען דעם שקלאף, כדי צו קענען אריינקומען
דער נייער צוקונפט אלס פרייע מענשען. דער א. ר. איז
מעכטיגע ארגאניזאציע, וועלכע ארבייט אויף דעם געביעט
ערציהען זיינע מיטגלידער צו זיין רייף פאר דער נייער אנקומ
דער צייט, ווען עס וועלען מעהר ניט זיין קיין **געלע פעהנער**

געג. מ. גרעוויטש אהרעסירט די קאנווענשאן אין נאמען [...]ן בונד, און זאגט: „צווישען „בונד" און א. ר. איז דא [...] גרויסע עהנליכקייט. דער „בונד" האט אנגעפאנגען זיין [...]עטיגקייט אויף דעם געביט פון עקאנאמישע סטרייקס, דער [...] ר. האט זיך אנגעפאנגען געגרינדעט צוליב קראנקען בענעפיט. [...]ון פונקט ווי דער „בונד" האט זיך נאכהער פארנומען מיט [...]אליטישע און געזעלשאפטליכע טעטיגקייט, אזוי האט אויך דער [...] ר. אויסגעשפרייט זיין טעטיגקייט אויף דעם קולטורעלען, [...]יסטיגען און געזעלשאפטליכען פעלד. דער וואתדעהבארער [...]אוקס פון א. ר. איז א גרויסער שטאלץ פאר די אידישע אר[...]ייטער מאסען איבער דער גאנצער וועלט. אין נאמען פון [...]בונד" באגריס איך אייך צו דער 20־ער יעהרליכער קאנווענשאן.

אלס דער נעקסטער רעדנער צו באגריסען די קאנווענשאן [...]ערט פארגעשטעלט געג. ר. גוסקין, וועלכער רעדט אין נאמען [...]ן די פאראייניגטע אידישע געווערקשאפטען. רעדענדיג ווע[...]ען די באציהונגען פון א. ר. צו די איבעריגע צווייגען פון דער [...]בייטער באוועגונג, דערמאנט ער, אז אויב מיר האבען יעצט [...]ייסע שטארקע ארגאניזירטע אידישע יוניאנס, וועלכע זיינען [...]ארבונדען מיט די פאראייניגטע אידישע געווערקשאפטען איז [...]אס פיעל צו פארדאנקען די הילף וואס דער א. ר. האט ארויס[...]געצייגט די אידישע יוניאנס אין יערען קאמפף זייערען געגען [...]ויסבייטונג און אונטערדריקונג.

פר. גוסקין ערקלערט אז כמעט אלע סטרייקס פון אידישע [...]יאנס זיינען געוואונען געווארען א דאנק דער ברידערליכער [...]ן פריינדליכער אונטערשטיצונג — סיי מאראליש, סיי פינאנ[...]יעל — וואס די א. ר. מיטגלידער האבען זיי געגעבען.

פר. ראכמילאוויץ באגריסט די קאנווענשאן אין נאמען פון [...]ייבאר ליעג. ער זאגט אז די אלע קאנווענשאנס פון לייבאר [...]יעג זיינען געווען בלויז פארקאנפערענצען צו דער גרויסער [...] ר. קאנווענשאן ביי וועלכער ס'וועט ענדליך ערקלערט ווע[...]ען אז דער לייבאר ליעג איז א טייל פון א. ר. „ס'וועט זיין [...]י גרעסטע פרייד ביי די גענאסען פון לייבאר ליעג — זאגט [...]ר — צו האבען די קומענדע קאנווענשאן פון א. ר. אין מא[...]אטשוזעטס סטייט".

געג. ס. בוירטשער ווערט פארגעשטעלט אלס פארטרעטער [...]ון דער סאצ. פארטיי פון עסעקס קאונטי. ער זאגט אז אונ[...]ער אנדערע אומשטענדען וואלטען די נוארקער גענאסען גע[...]נבען דער א. ר. קאנווענשאן אזא ווארימע און פריינדליכע [...]יפנאמע ווי זי האט פארדיענט, אבער די בעלי בתים פון [...]ער יעצטיגער סיטואציע דיקטירען ניט נאר אין וועלכער ריכ[...]ונג די טאקטיק פון ארבייטער ארגאניזאציאנען זאל געהן, נאר [...]ויך וואס פאר א פאהנען עס זאלען געטראגען ווערען ביי ארביי[...]ער דעמאנסטראציעס און פאראדען.

די אויפקלערונגס ארבייט פון א. ר. און דער קאמפף[...]יסט וואס ער האט געשאפען צווישען זיינע מיטגלידער זיינען [...]י עלעמענטען וואס האבען געמאכט די ארגאניזאציאנען צו [...]ערען גרויס און מעכטיג. לאמיר האפען אז די צייט איז נא[...]ענט ווען ס'וועט זיין איין ארבייטער רינג איבער דער גאנצער [...]עלט — אן א. ר. פון'ם גאנצען ארבייטער קלאס וואס וועט [...]ד באפרייען פון עקאנאמישער און פאליטישער שקלאפעריי.

געג. מאיר לאנדאן, דער ליגער אדוויזער פון א. ר., האלט [...] קורצע און איינדרוקספאלע רעדע, און צווישען אנדערעם [...]גט ער פאלגענדעס:

דער א. ר. מעג זיך אמת גראטולירען מיט זיין וואוקס, [...]ייל ביי דער יעצטיגער צייט איז א וואונדער, ווען אן ארבייטער [...]גאניזאציע עקזיסטירט און וואקסט. הויפטזעכליך מעג זיך [...]ר א. ר. גראטולירען מיט זיין אפטימיזם און מיט זיין שטרע[...]ונג צו די אידעאלען פאר וועלכע ער איז געגרינדעט געווארען.

די רעאקציע האט ניט נאר אויסגע'הרג'עט מיליאנען יונגע [...]ענשען אויף די שלאכטפעלדער, נאר האט אויך געטויטעט דעם [...]ריהייטס־קאמף. עס איז נויטיג סאלידאריטעט און אייניגקייט [...]ווישען די ארבייטער אליין כדי צו באקעמפען די רעאקציע. [...]אפיטאל הערשט איבער די מאסען, ווייל זיי לעזען די צייטונ[...]ן וואס קאפיטאל ניט פאר זיי ארויס, ווייל זייערע קינדער [...]ינען די בילדונג וואס קאפיטאל שאפט פאר זיי, ווייל זיי [...]ערען זיך צו צו די דרשות פון די רבנים און גלחים וואס קא[...]טאל דינגט פאר זיי. די שטארקסטע וואפע פון ארבייטער [...]אס איז אפצושאפען די אומוויסענהייט צווישען די מאסען. [...]ר דארפען זיין דער צענטער פון בילדונג כדי צו געבען די [...]רישע ארבייטער די אויפקלערונג וואס זאל זיי העלפען פאר־שטעהן די אמעריקאנער אינסטיטוציעס, און די אמעריקאנער טראדיציעס פון פרייהייט. אונזערע זיהן און אונזערע ברידער זיינען געפאלען אויף די שלאכטפעלדער און מיר האבען א רעכט צו זאגען א דעה אין די געזעצגעבענדע קערפערשאפטען פון לאנד. די אמעריקאנער פרייהייט איז אונזער פרייהייט און די אמעריקאנער פאהן איז אויך אונזער פאהן. דער ארבייטער קלאס האט געקוילעט דעם קאפיטאליסטישען חזיר אין רוסלאנד און די קאפיטאליסטישע חזרים פון אלע איבעריגע לענדער האבען זיך דערשראקען און ווילען אונטערגראבען יערע ארבייטער פרייהייט.

ריידענדיג וועגען דעם א. ר. סאניטאריום זאגט געג. לאנדאן, אז ס'איז פיעל לייכטער צו גרינדען עטליכע קליינע רעפובליקען ווי צו פארוואלטען אזא אינסטיטושאן ווי דער ארבייטער רינג סאניטאריום מיט 30־40 פאציענטען, וועלכע זיינען מעמבערס פון א. ר. און יעדער איינער פיהלט זיך אלס בעל־בית. ער דייטעט אן אז ווען ער האט אמאל געזעהען ווי אין א אידישען פילאנטראפישען האספיטאל האט מען א מאן ניט צוגעלאזען זעהן זיין פרוי, וועלכע האט זיך געמוזט צוגנב'ענען צום פענסטער ארונטערצואווארפען א צעטעלע צו איהר מאן, האט ער דאן נאך מעהר דערפיהלט דעם עקעל פון פילאנטראפיע, האט ער דאן נאך מעהר דערפיהלט דעם שטאלץ צו דעם א. ר. סאניטאריום.

לאמיר ווייטער געהן אויף דעם וועג אויפצוקלערען די ארבייטער מאסען צו פארשטעהן די וויכטיגקייט פון אייניגקייט אין זייע'ע רייהען און צו באפרייען זיך פון דעם מיזעראבלען איינפלוס פון קאפיטאל און פילאנטראפיע. מיר דארפען האלטען אונזערע אויגען אפען, און אונזערע קעפ שטאלץ צו דער זון און געהן פארווערטס, פארווערטס!

עס ווערט באשלאסען, אז דער טשערמאן זאל אפאינטען א קרעדענשעל קאמיטע פון 7.

פאלגענדע דעלעגאטען ווערען באשטימט פאר דער קרעדענשעל קאמיטע:

גאלדין, שיקאגא; טאליסמאן, פילאדעלפיא; באזעל, פיטסבורג; קארמאן, דעטראיט; זוסמאן, ברוקלין; קלופט, ניו־יארק און האסקעל, ניו־יארק.

דער טשערמאן שליסט די ערעפנונגס־זיצונג און ערקלערט אז די קאנווענשאן וועט פארטזעצען די זיצונגען מאנטאג 10 אוהר מארגענס אין אמסטערדאם האל.

צווייטע זיצונג, מאנטאג, 10 אוהר פריה.

די צווייטע זיצונג ווערט ערעפענט פון פר. וויינבערג, ער באדאנקט די דעלעגאטען פאר דער עהרע וואס מען האט איהם צוגעטיילט מיט ערוועהלען איהם אלס טעמפארארי טשערמאן פון דיזער וויכטיגער קאנווענשאן.

די קרעדענשעל קאמיטע, דורך איהר טשערמאן פר. העסקעל, בעריכטעט ווי פאלגט: עס זיינען פארטראטען 150 דעלעגאטען; געגען 3 דעלעגאטען פון באלטימאר זיינען אריינגעקומען צו דער גריוונעס קאמיטע קלאגען אז זיי זיינען ניט ריכטיג ערוועהלט. די גריוועגס קאמיטע האט געשיקט א פארטרעטער אין באלטימאר צו אונטערזוכען די קייס און נאך זייער מיינונג זיינען אין צוויי בראנטשעס די וואהלען פארגעקומען ניט געזעצליך און האבען דארום רעקאמענדירט צו די קרעדענשעל־קאמיטע די באלאטס פון די צוויי בראנטשעס ניט צו צעהלען און די דעלעגאטען, וועלכע האבען די גרעסערע צאהל שטימען זאלען פון קאנווענשאן ארויסגעווארפען ווערען.

עס זיינען אויך פארטראטען פאלגענדע 14 דעלעגאטען מיט בעראטונגס־רעכט: אב. עפשטיין פון דער נאצ.־עקז., א. דינערשטיין פון דער ארגאניזאציאנס קאמ., ס. יאקאבי פון דער בענעפיט קאמ.; ר. גוסקין פון דער סאנ. קאמ., ה. ישורין פון דער אפיס קאמ., ב. האפמאן פון דער עדיוקיישאנאל קאמ., בענענסאן פון נאצ. באארד און דירעקטארס, ר. אש און קופערמאן פון סעמעטערי דעפארטמענט; דינערשטיין פון פיונעראל קאמ., דר. קלימענקא, פון דזשענ. אדוויזערי באארד; יאנאס און ראכמילעוויץ פון לייבאר ליעג, הר. האלפערן פון סאנ. מעדיקאל אדווייזערי באארד.

באריכט פון דער קרעדענשעל קאמיטע ווערט גוטגעהייסען.

א פארשלאג אז די קרעדענשעל קאמיטע זאל אויך דינען אלס רולס און רעגו[...]שאנס קאמ. ווערט אנגענומען.

עס ווערט געמאכט נאמיניישאנס פאר טשערמאן און פר. גאלדין פון בר. 1 ווערט ערוועהלט.

דער טשערמאן מאכט דאן נאמינייש[...]ס פאר וויס טשערמאן און סעקרעטערע. פר. קאופמאן פון קליוולאנד ווערט ער־

וועהלט אלס וויים משערמאַן און די פריינדע נעחאמקין, בר. 500, טאַליסמאַן, בר. 491 פילאַדעלפיא, און שפייער, בר. 75, ווערען ערוועהלט אלס סעקרעטערע.

פר. נודעלמאַן לעזט דעם פּראָטאָקאָל פון דער ערעפענונג זיצונג און ווערט פון דער קאָנווענשאָן אָנגענומען און באַדאַנקט.

עס ווערט באַשלאָסען צו שיקען אַ באַגריסונגס טעלעגראַמע צו דער קאָנווענשאָן פון דער אינטערנעשאָנאל ליידיס גארמענט וואָירקערס, וואָס ווערט אָפּגעהאַלטען אין שיקאַגאָ.

עס ווערט צוגעלאָזען געג. קוסי ראַבינס, אַלס פאַרטרעטערין פון דער אַמנעסטי באַוועגונג.

זי באַגריסט די קאָנווענשאָן אין נאָמען פון דער אַמנעסטי באַוועגונג און גיט אויך איבער אַ גרוס פון אונזער באַליבטען און טייערען געננאָסע יודזשין וו. דעבס, וועמענס הארץ און נשמה איז מיט אונז. געג. דעבס האָט געבעטען דער קאָמ. דאָס מען זאָל ניט בלויז פאָדערען זיין באַפרייאונג אליין, נאָר אַז די באַפרייאונג מוז זיין אַן אַלגעמיינע. אָהן אַלעמענס באַפרייאונג וויל ער אַליין אויך ניט זיין פריי.

געג. ראַבינס בעט דאַהום די קאָנווענשאָן זאָל זעהן דאָס אויך אויף וויטער זאָלען די אַ. ר. ברענטשעס זייי העלפען ניט ווייניגער ווי ביז יעצט און נאָך מעהר: עס וועט פאָרקומען אַ הירינג אין וואַשינגטאָן וועגען אַמנעסטי. זאָל דאַרום דער אַ. ר. זיין פאַרטראָטען, זאָלען די ברענטשעס שיקען רעזאָלוציאָנען צו די קאָנגרעס־לייט און סענאַטאָרען, אויפפאָדערענדיג זיי צו אַרבייטען פאַר דער אַלגעמיינער באַפרייאונג פון אַלע פּאָליטישע אַרעסטירטע. זי האָפט אַז גאָר אין גיכען וועט אונזער אַרבייט אויף דיזען געביט געקרוינט ווערען מיט ערפאָלג און דער אַ. ר. וועט האָבען אַ גרויסען חלק אין דיזער אַרבייט.

געג. ראַבינס ווערט פון טשערמאַן באַדאַנקט פאַר איהר טעטיגער אַרבייט אין דער אַמנעסטי באַוועגונג.

עס ווערט אָנגענומען אַ פאָרשלאַג פון פר. וואָלאָס צו שיקען אַ טעלעגראַמע צו בר. 207 אַטלאַנטאַ דזשאָרדזשיא, באַדאַנקען זיי פאַר זייער טעטיגען אַנטייל אין דער זעלבער אַרבייט.

מיט 58 געגען 48 שטימען ווערט באַשלאָסען דער טשערמאַן זאָל אַפּאָינטען אַ דיסטריבושאָן קאָמיטע.

עס ווערט צוגעלאָזען פר. דאָמינגאָ אַלס פאָרשטעהער פון „עמאַנסיפּייטאָר", אויסגאַבע פון די ניגער סאָציאַליסטען.

ער זאָגט: „די אויפגאַבע אונזערע איז צו אָרגאַניזירען אַלע ניגערס אונטער איין יוניאָן, מאַכען זיי פאַרשטענדליך אַז זיי דאַרפען זיין אַ טייל פון דער אָרגאַניזירטער אַרבייטערשאַפט אין אַמעריקאַ. מיר טוען דיזע אַרבייט דורך אונזער צייטונג „דער עמאַנסיפּייטאָר". מיר האָפען און ערוואַרטען אַז די פאָרשטעהער פון די 80 טויזענד אָרגאַניזירטע אַ. ר. מעמבערס וועלען אונז העלפען פינאַנציעל און מאָראַליש.

עס ווערט צוגעלאָזען פר. בלאַק, פאָרשטעהער פון דער היברו אימיגראַנט אייד סאָסייעטי.

ער באַגריסט די קאָנווענשאָן און אַלע ברענטשעס פון אַ. ר. אין דעם נאָמען פון דער היברו אימיגראַנט אייד סאָסייעטי. ער ערקלערט, דאָס זייער אַרבייט איז יעצט פיעל שווערער, און אין דער נאָהענטער צוקונפט ערוואַרטען זיי פיעל מעהר אַרבייט ווי ביז יעצט. טויזענדער עמיגראַנטען וואַרטען אויף זייער הילף. זיי מוזען אָבער האָבען אַ גרעסערע הויז וואו די אַרבייט זאָל געטאָן ווערען. אַזאַ פּלאַץ איז געקויפט געוואָרען פאַר דער סומע פון 450 טויזענד דאָלאַר. די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו האָט באַשלאָסען רעקאָמענדירען צום קאָנווענשאָן אַ טעקס פון 15 סענט פער מעמבער. און ער אַפּעלירט צו די דעלעגאַטען קיינער זאָל ניט שטימען דאַגעגען.

פאָלגענדע ווערען אַפּאָינטעט אין דער דיסטריביושאָן קאָמיטע: דינערשטיין, פיינערמאַן, בעצאַלער, וואָלבערג, לאַנגער, עבערעל, הייפּערלינג, נודעלמאַן און וואָלאָוויטץ, ניו־יאָרק; נאַחאָוויץ, פילאַדעלפיא; בלומענטאַל, שיקאַגאָ; בליי, ברוקלין; דזשענקינס, פּיטסבורג; לעוויט, נוארק; שיינבערג, וואַשינגטאָן.

פר. יאָנאַס באַגריסט די קאָנווענשאָן אין נאָמען פון לייבאָר ליעג. ער זאָגט:

אייגענטליך האָט די ליעג ניט געדאַרפט זיין קיין באַגריסער, זיך אַליין באַגריסט מען ניט.

מיר ווילען דאָ בלויז זאָגען אַז מיר האָבען דאָס יאָהר קיינע טענות צו דער קאָנווענשאָן, ווייל די נאַצ. עקז. האָט געטאָן אַלעס מעגליכע צו ווערען געזעצליך אין מאַססאַטשוסעטס, און מיר האָפען אַז די קומענדע פאַרוואַלטונג וועט טאָן דאָס זעלבע, און דאַן וועלען מיר האָבען די נעקסטע קאָנווענשאָן אין באָסטאָן.

פר. בענענסאָן באַריכטעט דאַן פאַר די נעשאָנאַל באָאַ... אָוו דירעקטאָרס. ער ערקלערט אַז זיי האָבען געטאָן אַלעס מע... ליכע צו העלפען דער נאַצ. עקזעקוטיוו אין די צוויי קאַמפּיי... פאַר נייע מעמבערס און רעליעף אַרבייט.

די באַציהונגען צווישען די נאַצ. עקז. און די נאַצ. באָאַ... אָוו דירעקטאָרס זיינען געוועזען פריינדליכע.

ער באַריכטעט דאָס זיי האָבען געהאַט בלויז 1 זיצונג, ווי... די נאַצ. באָאַרד איז יעצט אַ נייע און איז ערשט אַריין א... אַמט אין יאַנואַר 1920.

פאַסירונגען וואָס זיינען פאָרגעקומען דעם לעצטען יאָ... אין סאַניטאַריום האָבען אונז געוויזען אַז די עקז. האָט געגומ... די ריכטיגע שטעלונג און אַ דאַנק זייער גוטע האַנדלונג א... יעצט אין סאַניטאַריום אַלעס שטיל.

מיר האָבען געהאַט פאַר זיך אַפּיעלס געגען דער גריוואַנ... קאָמיטע. די ערשטע איז געוועזען פון בר. 6 אַ. ר. דאָרט הא... אַ מעמבער פאַרנומען פון זייער לאָאַן פאָנד געלד. דער בר. הא... איהם געשטראָפען. די גריוואַנס קאָמ. האָט דיזען מעמבער בל... שטראַפירט אָבער האָט איהם ניט ערלויבט צו שטרייכען. מ... האָבען דיזען באַשלוס פון דער גריוואַנס קאָמ. אומגעוואָרפען א... גוטגעהייסען די האַנדלונג פון בר.

דער צווייטער אַפּיעל איז געוועזען פון בר. 155 טאָליד... אָהייאָ. איינציגע מעמבערס זיינען אין בר. שטראַפירט געוואָר... פאַר פאַרלעצען די פּרינציפּען פון אַ. ר. די גריוו. קאָמ. הא... דיזע שטראָף אַרונטערגענומען, ווייל זיי האָבען גערעכנט... עס איז דאָרט צו יענער צייט קיין סטרייק ניט געוועזען. מ... האָבען לויט אונזער אונטערזוכונג געפונען די מעמבערס שו... דיג און גוטגעהייסען דעם באַשלוס פון בר., נאָר פאַרגרינגע... די שטראָף פון 300 אויף 150 דאָלאַר.

מיר רעקאָמענדירען צו העכערען די אָפּצאָלונגען פאַ... „פריינד" פון 8 סענט אויף 13, מיר זאָלען קאָנען האָבען ד... „פריינד" אין צייט און נאָך רייכער אין אינהאַלט.

מיר רעקאָמענדירען אויך דאָס מיטגלידער פון דער נ... זאָלען האָבען אַ רעכט צו באַזוכען ברענטשעס אין זייערע סטיי... און די אויסגאַבען זאָלען געדעקט ווערען פון אָרגאַניזאַצ. פאָנד...

די נאַצ. באָאַרד זאָל אויך מיטען 3 מאָל אין יאָר אנשטאַט...

עס ווערט געשטעלט פראַגען צו פר. בענענסאָן, און ... ענטפערט צופרידענשטעלענד.

פר. פיינערמאַן באַריכטעט פאַר דער דיסטריביושאָן קאָ... זיי האָבען זיך אינסטאַלירט מיט פר. וואָלבערג אַלס סע... רעטער און דעם באַריכט אָפּגעבער אַלס טשערמאַן.

זיי רעקאָמענדירען די קאָנווענשאָן זאָל זיך איינטיילען ... פאָלגענדע 10 קאָמיטעס:

אַן אָפּיסערס רעפּאָרט, פון 8; פאַרוואַלטונג, 15; פר... און עדיוקיישאָן, 15; אָרגאַניזיישאָן, 21; סאַניטאַריום, 7... עלעקשאָן, 13; קאָנווענשאָן, 15; האָום אָפּיס און אַ הי... פאַר אַלטע מעמבערס, 15; בענעפיט קאָמ., 17; רעזאָלוציאָ... קאָמיטע, 10. — באַריכט ווערט אָנגענומען.

ער לעזט דאַן די נעמען פון די וואָס זיינען אַפּאָינטעט ... דער רעזאָלוציאָנס קאָמיטע: באַקסט, נויאָרק; יודיטש, נויאָר... בעצאַלער, נויאָרק; זאַלצמאַן, נויאָרק; ווייַנבערג, נויאָר... סאַמאָראָדין, באַלטימאָר; טאַמער, פילאַדעלפיא; סקלאַר, ... אָרק; גאָלדין, שיקאַגאָ; מיס פּלאַטקין, פּיטסבורג, און מאַ... פון לאָס אַנדזשעלאָס.

פר. האַלפּערן מאַכט אויפמערקזאַם דאָס דעל. מאַלקין ... קראַנק און קאָן צום קאָנווענשאָן ניט קומען, מען דאַרף דאַר... אַרויסרופען אַ סאָבסטיטוט. עס ווערט באַשלאָסען פריה... שיקען אַ טעלעגראַמע צו פר. מאַלקין, אָנפרעגענדיג צי ער ווי... ווירקליך ניט קומען, און דערנאָך האַנדלען.

פר. ביילין, רעדאַקטאָר פון „פריינד", באַגריסט די קאָ... ווענשאָן. ער זאָגט:

דער טאָן פון דער 20טער קאָנווענשאָן, וועלכע מיר האַלט... איצט אָפּ, איז ניט געגעבען געוואָרען פון פר. עפּשטיין נעכט... אין גרויסען האָל פאַר די טויזענדער מענשען, נאָר דאַנערשט... נאָך אין אַ קליינעם פּלאַץ, פאַר אַ קליינע גרופּע אַ. ר. טוער, א... איינעם פון די צעהנדליגע געביטען אויף וועלכע מיר אַרבייטען... אויפ'ן אַ. ר. שול־געביט.

ער האָט אָנגעוויזען, אַז די בילדונגס־טעטיגקייט אין אַלו... מיין און די שול־טעטיגקייט איבערהויפּט ווערט איינער פון ... וויכטיגסטע אויפטואונגען.

מיר וועלען האָבען פאַר זיך די אויפגאַבע צו מאַכען ... בילדונגס טעטיגקייט, וואָס איז נאָך דערווייל ניט דער וויכט...

מטער טייל פון אונזער טעטיגקייט, פאַר דעם סאַמע וויכטיגסטען טייל פון אונזער אַרבייט. מיר האָבען שוין באַלד אויסגעשעפּט די קוואַלען פון אונזער שעפּונג פאַר אונזער רעקרוטירונגס־אַרבייט, מיר האָבען שוין באַלד דערגרייכט די צייט ווען אונזערע רעזערוואַרען ווערען אויסגעטריקענט, אונזערע קינדער זיינען [illegible] צום א. ר., און פון וואַנען זאָלען מיר העלפען צו קריגען די נייע רעקרוטען.

אונזערע שולען זיינען דער איינציגער מיטעל דערצו, די צעהנדליגע וואָס מיר האָבען שוין און די הונדערטע וואָס מיר וועלען נאָך גרינדען, וועלען זיין די ערטער וואו עס וועלען פאַרבערייטעט ווערען אונזערע צוקינפטיגע קעמפּפער און וואָרטפיהרער וואָס וועלען פאַרטזעצען אונזער אַרבייט פאַר די שענסטע אידעע אונזערע — פאַר'ן סאָציאַליזם.

פר. מאַגיד ווערט צוגעלאָזען. ער באַגריסט די קאָנווענשאָן אין נאָמען פון לאָס אַנדזשעלאָס סאַניטאַריום. ער גיט איבער אַ גרוס פון אונזערע קראַנקע מעמבערס וועלכע געפינען זיך אין יענער געגענד. זיי האָבען זיך געגרינדעט אין אַ קלוב, און מערקווירדיג אַז דאָרט ווייס מען ניט פון קיין אונטערשייד פון מעמבערס פון א. ר. ביז לייבאָר ליעג. דער טשערמאַן פון זייער קלאָב איז אַ מעמבער פון לייבאָר־ליעג. צו דיזער קאָנווענשאָן האָבען זיי געשיקט דעם א. ר. אַ מתנה — אַן אויסגענעהטען עמבלעם, וועלכען זיי האָבען אַלע אָהן אויסנאַם געהאָלפען אויסאַרבייטען. זיי בעטען דאָס אויפהענגען אין אָפיס פון א. ר., אום מען זאָל זיי אָפט דערמאָנען, און העלפען זיי מיט וואָס נאָר מען וועט קאָנען.

דער פּרעזידענט ווערט מיט דאַנק אָנגענומען.

אַלס טשערמאַן פאַר די נעקסטע זיצונג ווערט ערוועהלט פר. בעצאַלער פון בר. 42, און אַלס וויים טשערמאַן פר. טערר פון שיקאַגאָ.

## דריטע זיצונג, מאָנטאַג 2 אוהר נאָכמיטאַג.

פר. בעצאַלער פון ניואַרק טשערמאַן, און פר. טער פון שיקאַגאָ וויים טשערמאַן.

## באַריכט פון גריוועַנס קאָמיטע.

פר. וואָלאַס באַריכטעט פאַר דער גריוו. קאָמ. זייט ער געדענקט האָט די גריוו. קאָמ. קיין מאָל ניט געהאַט אַזוינע וויכטיגע קייסעס ווי דיזען יאָהר. זיי האָבען פאַרהאַנדעלט איבער 100 קייסעס, אייניגע פון זיי האָבען ניט באַלאַנגט אייגענטליך צום א. ר., אָבער דאָך האָבען זיי געמוזט אַלע פאַרהאַנדלען. ער שטעלט זיך אָפּ בלויז אויף אייניגע. ערשטענס פּעטערסאָן: די פראַגע פּעטערסאָן איז נאָך זיין מיינונג ניט גענוג קלאָר פאַר די מעמבערס פון א. ר. די פּעטערסאָנער ברענטשעס האָבען באַשטימט אַ שטראָף אויף אייניגע מעמבערס פאַר אַרבייטען מעהר ווי אויף 2 לומס. מיר האָבען געמוזט אויסהערען יעדע קייס באַזונדער און מיר האָבען די מעמבערס געפונען שולדיג, מיר האָבען נאָר פאַרקלענערט די שטראָף, וועלכע די ברענטשעס האָבען אַרויפגעלייגט אויף זיי, פון 99 דאָלער אויף 10 דאָלער.

מיר האָבען געדענקט אַז ווי באַלד מיר האָבען זיי געפונען שולדיג איז די פראַגע פון דער סומע ניט וויכטיג. די הויפּט־זאַך איז, אַז די מעמבערס פון א. ר. מוזען זיך פיהרען ווי גוטע יוניאָן לייטע, כאָטש זיי זיינען בעלי בתים. צווייטענס, אַז יעדער ווער עס וועט צושיקען צום אָפיס אַ שריפטליכע ערקלערונג, אין וועלכע ער וועט זיך פאַרפליכטען מעהר ווי אויף 2 לומס ניט צו אַרבייטען, זאָל די שטראָף פון איהם אַראָפּגענומען ווערען. די ערשטע רעקאָמענדיישאָן האָט די נאַצ. עקז. צוריקגעוויזען און דעם צווייטען טייל גוטגעהייסען.

די ברענטשעס פון פּעטערסאָן האָבען זיך ענטזאָגט אויסצופאָלגען די באַשלוסען פון דער עקזעק. קאָמיטע און האָבען באַשלאָסען די באַטרעפענדע מעמבערס אויסצושליסען, ניט רעכענענדיג זיך מיט דעם באַשלוס פון דער עקז.

מיר זיינען דאַן אַהין געפאָהרען און ביי אַ מיטינג וואו עס זיינען אַנוועזענד געוועזען אַלטע מעמבערס, האָבען זיי געהערט וועגען די דיסציפּלין אין אונזער אָרג. און וועגען אויספאָלגען די באַשלוסען פון דער נאַצ. עקז. מיר האָבען ניט געקאָנט צולאָזען אַז מעמבערס פון אַרב. רינג זאָלען ניט האָבען וואו צו צאָהלען זייערע בילס. דאָס איז אייגענטליך אַלעס וואָס מיר האָבען דאָרטען געטאָן.

אין מאַליקאַ, אָהייאָ, איז געווען אַ סטרייק אין די אָווער־לאַנד פאַקטאָרי. דאָרט זיינען באַשעפטיגט אַרבייטער, וועלכע באַלאַנגען צו דריי פאַרשיעדענע יוניאָנס. דער סטרייק איז גע[illegible]רען פון איין אינטערנאַשאָנאַל און די איבעריגע אַרבייטער פון די יוניאָנס זיינען פאַרבליבען אַרבייטען. די פאַבריקאַנטען האָבען דאַן געמאַכט אַ לאָקאַוט. איין יוניאָן האָט ערקלערט, דאָס אַזוי לאַנג ווי עס וועט שטעהן פּאָליס אַרום דער פאַקטאָרי זאָלען די אַרבייטער ניט געהן צו דער אַרבייט. און אַ צווייטע יוניאָן האָט געהייסען איהרע אַרבייטער געהן צו דער אַרבייט. צווישען די לעצטע האָבען זיך געפונען 8 מעמבערס פון א. ר. זיי זיינען דאַן פאַרקלאַגט געוואָרען אין בר., וועלכער האָט זיי געפונען שולדיג און שטראָפירט מיט 300 דאָלער יעדען און נאָכהער זיי געשטראָכען פאַר ניט באַצאָלען די שטראָף. די מעמבערס האָבען צו אונז אַפּעלירט. פאַר אונז איז געווען אַן אָפיציעלער סטייטמענט פון דער יוניאָן, וואו די 8 מעמבערס באַלאַנגען, אַז די יוניאָן האָט זיי ערלויבט צו געהן צו דער אַרבייט. מיר האָבען זיך ניט געפונען אין דער לאַגע צו אורטיילען, וועלכע יוניאָן איז די ריכטיגע, מיר קאָנען זיך אין אַלגעמיין ניט אַריינלאָזען אין אַזעלכע פראַגען וואָס דאַרפען ענטשיידען וועלכע יוניאָן זאָל אַנערקענט ווערען, און מיר האָבען באַשלאָסען די שטראָף אַרונטערצונעמען.

נאָך אַ קייס איז פאָרגעקומען אין ראָק איילענד, איללינאָי. אין אַ בעקערײַ האָט דער באָס געפאָדערט פון זיינע אַרבייטער, אַז זיי זאָלען ענדערען די צייט פון אַרבייט. די אַרבייטער האָבען זיך ענטזאָגט. די יוניאָן האָט זיי געהייסען נאָכקומען דעם פאַרלאַנג פון באָס און געהן צו דער אַרבייט. אייניגע זיינען צוריקגעגאַנגען, צווישען זיי איז געווען אַ מעמבער פון א. ר. דער מעמבער איז פאַרקלאַגט געוואָרען אין ברענטש, וועלכער האָט איהם שטראָפירט מיט 50 דאָלער. די גריוו. קאָמ. האָט גענומען אין אָנבעטראַכט אַז דער מעמבער איז אַ לאָיאַלער מעמבער פון דער יוניאָן, און האָט באַשלאָסען די שטראָף אַרונטערצונעמען.

אין בר. 6 ברוקלין איז אַ מעמבער פאַרקלאַגט געוואָרען אין פאַרנעמען געלדער פון בר. לאָאַן פאָנד. דער באַטרעפענדער איז געווען זייער סעקרעטער פון לאָאַן פאָנד. מיר האָבען אונטערזוכט און אויסגעפונען אַז דער באַטרעפענדער האָט פאַרנומען 31 דאָלער און דעם גרעסטען טייל פון דער סומע האָט ער אָפּגעצאָלט און איז שולדיג בלויז 6 דאָלער. די ביכער זיינען געפיהרט געוואָרען זעהר פאַרנאַכלעסיגט, אָהן אַן אָרדנונג.

דער אַפּליקאַנט האָט זיך פאַרענטפערט אַז די ביכער זיינען אונטערזוכט געוואָרען פון אַ בר. אודיטינג קאָמ. און זיי האָבען איהם קיין מאָל גאָר ניט געהאַט וואָס אויסצוזעצען. דער מעמבער האָט צוגעגעבען, אַז ער איז באַגאַנגען אַ פעהלער. מיר האָבען באַשלאָסען, אַז די שטראָף פון שטרייכען וואָלט געווען צו שטאַרק ספּעציעל אין דעם פאַל, ווען דער מעמבער איז שוין צו אַלט אַריינגענומען צו ווערען אין אַן אַנדער אָרדען. מיר האָבען באַשלאָסען איהם צו שטראָפירען מיט דעם וואָס ער זאָל ניט קאָנען האַלטען קיין אַמט אין א. ר. פאַר די נעקסטע 5 יאָהר.

דער בר., אָדער בעסער געזאָגט אַ מעמבער פון בר., האָט אַפּעלירט צו דער נעשאַנאַל באָאַרד אָוו דירעקטאָרס און די לעצטע האָט אונזער באַשלוס צוריקגעוואָרפען און געלאָזען דעם באַשלוס פון בר. אין קראַפט. מיר האָבען געבעטען די נעשאַנאַל באָאַרד אויפצונעמען נאָך אַמאָל די קייס, שענקען איהר מעהר אויפמערקזאַמקייט. זיי האָבען זיך אָבער ענטזאָגט.

פון בר. 11, בראָנזוויל, האָט מען אונז געבעטען אויפנעמען זייער מעמבערס אָן אַפּיעל, וואָס ס'איז שוין איין מאָל פאַרהאַנדעלט געוואָרען ביי אַ קאָנווענשאָן. מיר האָבען זיי ערקלערט אַז מיר קאָנען די פראַגע ניט פאַרהאַנדלען. מיר האָבען זיי אָבער צוגעזאָגט צו ברענגען עס פאַר'ן קאָנווענשאָן.

וועגען די נ. ב. אָוו דירעקטאָרס, מוזען מיר זאָגען אַז אונז דוכט אַז זיי האָבען אין אייניגע פראַגען געהאַנדעלט זעהר אייבעראיילט.

די גריוועַנס קאָמיטע האָט אין אַלגעמיין געהאַט זעהר אַ שווערען יאָהר אַרבייט. זיי גלויבען, אַז זיי האָבען דורכגעפיהרט די אַרבייט מיט די בעסטע אַבזיכטען צו יעדען איינציגען בר. באַזונדער און צום א. ר. בכלל. מיר באַדאַנקען אַלע דעלעגאַטען און דורך זיי אַלע מעמבערס פאַר'ן צוטרויען וואָס מען האָט אונז געשענקט.

עס ווערט אַריינגעבראַכט און אָנגענומען אַ רעקאָמענדיישאָן פון פר. עפּשטיין, אַז אינטערפּעלאַציאָנען צו קאָמיטעס זאָלען געשטעלט ווערען נים צו יעדע איינציגע קאָמ. באַזונדער, נאָר דאַן ווען אַלע קאָמיטעס וועלען אָפּגעבען זייערע באַריכטען.

עס ווערט צוגעלאָזען אַ פאַרטרעטער פון די עקס פּאַציענטען פון דענווער, קאָלאָראַדאָ. ער ערקלערט די טרויעריגע לאַגע פון די קראַנקע א. ר. מעמבערס וואָס געפינען זיך דאָרטען

און בעט, אז דיזע קאָנווענשאָן זאָל זעהן וואָס מ'קען פאַר זיי טאָן. ער באַגריסט די 20טע קאָנווענשאָן און ווינשט איהר ערפאָלג אין איהר ארבייט.

## באַריכט פון אָפּיס קאָמיטע.

פר. ישורין באַוויכטעט דאָן פאַר די אָפּיס קאָמיטע. ער צייגט אָן אז מיט דעם וואוקס פון א. ר. איז די ארבייט פיעלפאַך פאַרגרעסערט געוואָרען. די איינפיהרונג פון פראַטוירנאַל רייטס, ווי אויך דאָס אויסצאָלען פון דעם מארטשוערי פאָנד פאַר געשטראָכענע מעמבערס האָט נאָך שווערער געמאַכט די ארבייט. די אַלטע מלחמה און די אינפּלוענציא מגפות פאַר די לעצטע צוויי יאָהר, האָבען דעם אָפּיס פּשוט פאַרוואָרפען מיט ארבייט. דאָך קאָנען מיר אייך זאָגען, אז דער אָפיס האָט דיזען יאָהר געארבייט זעהר גוט. די קראַנקען בענעפיטס זייגען אויסגעצאָלט געוואָרען אין צייט און אין אַלגעמיין איז אַלעס ריכטיג אַטענדעט געוואָרען.

מיר האָבען דיזען יאָהר געשיקט א צושריפט צו די ברענטשעס מיט ליסטען אויף אויסצופילען די בענעפישערים, ווייל עס געפינען זיך אין אָפּיס פיעלע אַפּליקיישאָנס, וועלכע האָבען ניט אָנגעגעבען קיין יאָהרען אָדער ניט קיין ריכטיגע בענעפישערים. מיר האָבען נאָך דערוויל ניט קיין גענויע רעזולטאַטען אין אָפּיס פון דיזער ארבייט, און מיר האָפען אז איהר וועט אונז באַהילפיג זיין אין דעם, מיט דעם וואָס איהר וועט וואָס אָפטער ציהען דאַרויף די אויפמערקזאַמקייט פון די מעמבערס אין אייערע ברענטשעס.

מיר האָבען באַשלאָסען, מיט דער צושטימונג פון דער נאַצ. עקז., צו פאַרלאַנגען פון די נייע מעמבערס פון 38 יאָהר און עלטער, צוצושטעלען אַן אַפידייוויט וועגען די ריכטיגקייט פון זייערע יאָהרען.

איינציגע פונקטען פון רעפערענדום, וועלכע זיינען דורכגעגאַנגען לעצטען יאָהר, האָבען ניט געקאָנט דורכגעפירט ווערען איבער לעגאַלע אורזאַכען. איין פונקט איז געווען, אז מיטגלידער, וועלכע זיינען אריין אין א. ר. פון 34 יאָהר און עלטער זאָלען ניט דאַרפען צאָלען די פולע רייטס. דער צווייטער פונקט איז געווען, אז מיטגלידער, וועלכע זיינען אריין אין א. ר. פון 34 יאָהר און עלטער זאָלען ניט דאַרפען צאָלען די פולע רייטס. דער צווייטער פונקט איז געווען, וועגען איינפיהרען די 1000 דאָלער פאַליסי.

מיט דעם שטייגענדען יקרות האָבען מיר געהערט די ווידזשעס פון די אָנגעשטעלטע. עס זיינען געווען אַזעלכע וואָס האָבען געקראָגען געריינט דורך דיזען יאָהר 20 דאָלאַר א וואָך. מיר דענקען, אז מיר האָבען באַהאַנדעלט די אָנגעשטעלטע אין אָפּיס מיט יושר, און פאַר אונז איז געווען א „סורפּריז" ווען מיר האָבען דאָ אין האָל געפונען א צושריפט פון די אָנגעשטעלטע, אין וועלכע זיי באַקלאָגען זיך געגען אונז. מיר גלויבען אז זיי האָבען זעהר ניט שעהן און ניט טאַקטיש געהאַנדעלט מיט דיזער צושריפט. און אויב מיר קאָנען זיך ניט פאַרגינען צו האָבען אַזעלכע צושריפטען פון אונזערע קראַנקע מעמבערס אין סאַניטאַריום, און מיר לאָזען דאָס בלויז פאַר די אויסדערוועהלטע קאָמיטעען צו שליכטען, דוכט מיר, אז מיר דאַרפען ניט דערלאָזען אז געזונדע מענשען זאָלען קומען צו דער קאָנווענשאָן מיט קריוודעס וואָס האָבען ניט קיין פּרינציפּיעלען אָדער מאָראַלישען כאַראַקטער. מיר גלויבען ניט אז מען דאַרף זיי דערפאַר מיט וואָס ניט איז באַשטראָפען, אָבער די קאָנווענשאָן מוז וועגען דעם זאָגען איהר וואָרט.

ער באַריכטעט דאָן וועגען די פאַרשיידענע אינוועסטמענטס וואָס זיינען דיזען יאָהר געמאַכט געוואָרען. ער ערקלערט, אז איינציגע ברענטשעס האָבען אָנגעפרעגט פאַרוואָס מיר לייען זיי ניט קיין געלד אויף מאָרטגיידזשעס פאַר זייערע לייבאָר לייסעאומס. די אָפּיס קאָמיטע האָט ערקלערט, אז מען קען דאָס ניט טאָן ווייל דער א. ר. טאָר ניט אינוועסטען קיין געלד אַנדערש ווי אין זיכערע אינוועסטמענטס, ערלויבט פון אינשורענס דעפּאַרטמענט.

ווי איהר ווייסט איז דער קורס פון קענעדער געלד געפאַלען, און דאַדורך קומט די קענעדער ברענטשעס אויס צו צאָלען זייערע ביל'ס אין אָפּיס אין גרעסערע סומען, לויט דעם קורס פון אַמעריקאַנער געלדער. מיר האָבען געזוכט א וועג ווי דאָס אויסצוגלייכען, און מיר האָבען קיין אַנדער וועג ניט געפונען ווי נאָר אז די קענעדער ברענטשעס זאָלען צאָהלען די פולע סומע אויף אמעריקאַנער געלדער.

מיר זיינען יעצט לעגאַליזירט אין 28 סטייטס, אין אמעריקא און אין דער גאַנצער דאָמיניאָן פון קענעדע. מיר האָבען

צוליב דער לעגאַליזירונג אין קענעדע דאַרף געמאַכט אינוועסטמ
10 טויזענד דאָלאַר.
דער אוידיטינג דעפּאַרטמענט האָט דיזען יאָהר אונטער
זוכט 152 ברענטשעס פאַר 18/7 קוואַרטאַלען.
איהר דאַרפט וויסען, אז דער אוידיטינג דעפּאַרטמענט אי
א וויכטיגע אינסטיטושאָן ביי אונז. דורך דיזען דעפּאַרטמענ
האָבען מיר א באַגריף וואָס עס טוט זיך אין די ברענטשעס או
ווי די ביכער ווערען ביי זיי געפיהרט.
א מעמבער פון אונזער קאָמיטע, פר. קאָהען, האָט רעזיג
נירט. מיר האָבען גערופען דעם סאָבסטיטוט, נאָר יענער אי
ניט געקומען. מיר זיינען דארום געבליבען בלויז 4 אין דע
קאָמיטע. ניט אַכטענדיג וואָס די ארבייט אין אָפּיס איז געווע
א פאַרצוויגענע און א שווערע איז דאָך אַלעס אַטענדעד געוואָרע
און מיר דענקען, אז מיר האָבען פאָלקאָם ערפילט אונזער פליכ
וואָס איז אויף אונז אַרויפגעלייגט געוואָרען.
פר. ישורין באַדאַנקט דאָן די דעלעגאַטען פאַר די פול
אויפמערקזאַמקייט וואָס מען האָט איהם געשענקט, און אוי
אַלע מעמבערס פאַר דער עהרע וואָס מען האָט זיי צוגעטיילט
צו פאַרוואַלטען דעם אָפּיס פון א. ר.
די נוארקער אַראַנדזשמענט קאָמ. פרעזענטירט די קאָנ
ווענשאָן מיט א קראַנץ בלומען, וועלכעס ווערט מיט דאַנק אָנגע
נומען.
פר. באַקסט, טשערמאַן פון די רעזאָלוצ. קאָמ., באַריכטעט
דאָס זיי האָבען זיך קאָנסטיטואירט מיט איהם אלס טשערמאַן או
יודיטש אלס סעקר. זיי שלאָגען פאַר פאָלגענדע רעזאָלוציאָנען:
1. צו שטיצען די היברו אימיגראַנט אייד סאָ. מיט 10
טויזענד דאָלער פאַר זייער נייער הוים. דאָס געלד זאָל געשאַפ
ווערען דורך א טעקס פון אַלע מעמבערס, וואָס זאָל אויסגעצאָל
ווערען אין פאַרלויף פון 1 יאָהר צייט.
2. צו שטיצען די אַמנעסטי באַוועגונג מיט 1000 דאָלער.
3. צו שטיצען די וואַרשעווער „לעבענס פראַגען" מי
1000 דאָלער.
די פונקטען 1 און 3 ווערען אָנגענומען, און פונקט 2 ווער
אַמענדירט אנשטאַט 1000 זאָל מען געבען 2000, און ווערט אָנ
גענומען.
פר. שפייער לעזט דעם פּראָטאָקאָל פון דער 2טער זיצונג
און ער ווערט גוטגעהייסען.
פר. העסקעל באַריכטעט פאַר די רולס און רעגולייש
קאָמיטע. זיי רעקאָמענדירען, דאָס די זיצונגען פון קאָנווענש
זאָלען אָפּגעהאַלטען ווערען: די ערשטע זיצונג פאַר מיטאָג פו
10 ביז 1; די צווייטע זיצונג פון 2 ביז 6 פאַרנאַכט.
די רעקאָמענדיישאָן ווערט אָנגענומען.
נאָכדעם ווי עס ווערט ערוועהלט פר. סילווערמאַן פון שי
קאַגאָ אלס טשערמאַן פאַר דער נעקסטער זיצונג, ערקלערט דע
טשערמאַן, פר. בעצאַלער, די זיצונג געשלאָסען.

## פיערטע זיצונג, דינסטאַג 10 אוהר פריה

פר. סילווערשטיין פון שיקאַגאָ, טשערמאַן, און פר. הערמא
פון נויאָרק אלס וויס־טשערמאַן. פּראָטאָקאָל פון דער דריטע
זיצונג ווערט פאַרגעלעזען און גוטגעהייסען.
פר. עפּשטיין באַקומט דאָס וואָרט. ער באַריכטעט פון דע
ארבייט וואָס די עקז. קאָמ. האָט געטאָן אויף דעם געביט פו
לעגאַליזירען דעם א. ר. און אויך וועגען צוויי באַשלוסען פו
דער לעצטער קאָנווענשאָן וואָס זיי האָבען געדאַרפט דורכפיהרע
ער זאָגט: צום ערשטען מאָל אין דער געשיכטע פון א. ר
איז נאָך קיין איין מאָל ניט פאָרגעקומען אז די עקז. קאָמ. זא
ניט דורכפיהרען באַשלוסען, וועלכע זיינען אָנגענומען געוואָרע
פון קאָנווענשאָן און גוטגעהייסען געוואָרען פון א רעפערענדו
היינטיגען יאָהר האָט דאָס געטראָפען אין צוויי פעלע.
מיר האָבען געפיהלט די גוואַלדיגע פאַראַנטוואָרטליכקי
פאַר אזא טהאַט. מיר האָבען געוואוסט אז ווען מיר וועלען פו
מען צו דער קאָנווענשאָן וועט מען אונז דערפאַר מעגליך טאַד
לען, מיר האָבען אָבער אויך געפיהלט די נאָך גרעסערע פאַר
אַנטוואָרטליכקייט וואָס מיר האָבען, ניט צו דערלאָזען אז דע
א. ר. זאָל קומען אין א צוזאַמענשטויס מיט די פאַרערונגען פו
אינשורענס דעפּאַרטמענט.
און כדי דאָס אויסצומיידען, האָבען מיר בעסער באַשלאָס
ניט דורכצופיהרען געוויסע פונקטען פון רעפערענדום.
ביי דער לעצטער קאָנווענשאָן זיינען אָנגענומען געוואָר
צוויי באַשלוסען, וואַרשיינליך אין איילעניש, ווען די דעלעגאַט
זיינען שוין געשטאַנען מיט די פעקלעך אין די הענט, ווי ע

טרעפט אפטמאל ביי אונזערע קאנווענשאנס, און עס וואלט שוין צייט געווען אזעלכעס זאל מעהר ניט פארקומען. ביידע באשלוסען האט אונזער ליגעל אדווייזער, מאיר לאנדאן, ערקלערט פאר אומגעזעצליך דורכצופיהרען. די ערשטע פראגע איז געווען וועגען 35 יעהריגע מעמבערס, וועלכע זאלען ניט זיין אונטערווארפען צו צאלען די פולע „רייטס". אונזער ליגעל אדווייזער, גען. מאיר לאנדאן, האט אונז ערקלערט דאס צוליב דער אורזאך וואס מיר האבען ניט לאנג דורכגעפיהרט די סיסטעמע פון פראטיונאל רייטס, — דעם פרינציפ, אז יעדער זאל צאלען פאר זיך אין פול, — קאנען מיר ניט, און מיר טארען ניט מאכען קיינע אויסנאמען. און אויסער דעם איז אויך דער פונקט אין רעפערענדום, ווי ער איז דורכגעגאנגען, ניט געווען קלאר גענוג אויסגעארבייט אז מען זאל וויסען וואס ער מיינט. די 2טע פראגע איז געווען וועגען די 1000 דאלער פאליסי וואס איז באשלאסען געווארען. לאנדאן האט ערקלערט, אז לויט די רולס פון נויארק סטייט מוזען מיר פריהער בייטען אונזער טשארטער. אבער באגייען דיזען יאהר דעם גאנצען טשארטער וואלט געווען צו ריזיקאליש. אונטער די אומשטענדען האבען מיר געפונען אז פר. לאנדאן איז גערעכט. מיר האבען דארום ביידע פונקטען פון רעפערענדום אין לעבען ניט דורכגעפיהרט, דעם ערשטען פאר ניט געזעצליך און דעם צווייטען פאר ניט פאסענד אין דעם יעצטיגען מאמענט. מיר בעטען אלע דעלעגאטען זיך גוט אריינצוטראכטען אין דער לאגע אין וועלכער מיר האבען זיך געפונען און פארשטעהן, ווי שווער עס איז פאר אונז געווען ניט אויסצופיהרען א באשלוס פון קאנווענשאן.

ביי אונז געפינט זיך אן אפיציעלער סטייטמענט פון אונזער ליגעל אדווייזאר אין וועלכען ער באשטעטיגט וואס מיר האבען דא געזאגט.

ווי איהר ווייסט זיינען מיר נאר געווען לעגאליזירט בלויז אין צוויי פראווינצען פון קענעדע. דיזען יאהר איז אונז געלונגען צו קריגען א דאמיניאן טשארטער פאר גאנץ קענעדע.

איך האב געזאגט ביי דער עפענונג פון קאנווענשאן דאס איך האף אז די נעקסטע קאנווענשאן וועט מעגליך קענען זיין אין באסטאן. דאס איז געווען ניט נאר א פרומער וואונש, נאר מיר האבען גענוג אורזאכען צו גלויבען אין דעם.

עס זיינען געווען אזעלכע וואס האבען געדענקט אז אזוי שנעל ווי מען וועט אננעמען פראטיונאל רייטס קאנען מיר ווערען געזעצליך אין מאסאטשוסעטס, ווען מיר האבען עס אבער דורכגעפיהרט האבען מיר ערשט געפונען אז מיר האבען נייע שוועריגקייטען. עס ווייזט זיך ארויס אז עס איז פאראן א געזעץ אז נייע ארדענס וועלכע ווענדען זיך פאר טשארטערס אין יענעם סטייט מוזען האבען די פראטיונאל סיסטעם ניט נאר וועגען טויטען בענעפיט, נאר אויך וועגען קראנקען בענעפיט. עס איז געווען אונמעגליך אריינצוגעהן אין סטייט אזוי לאנג ווי דיזער געזעץ האט עקזיסטירט. מיר האבען דארט אנגעשטעלט א לאא־פירמא וועלכע זאל אונז העלפען ווערען געזעצליך אין יענעם סטייט. יעצט איז דיזער געזעץ אפגעשאפט געווארען.

מיר האפען דאס נאר אין קורצען זאלען מיר זיין געזעצליך אויך אין מאסאטשוסעטס. די קאנווענשאן דארף אינסטרואירען די נעקסטע פארוואלטונג צו ארבייטען ווייטער אין דער הינזיכט.

אין אונזערע פרינציפען־ערקלערונג, וועלכע מיר לייענען פאר יעדען נייעם מעמבער, ווערט געזאגט, אז ער מוז זיך פארפליכטען צו שטימען בלויז פאר אזא פארטיי וועלכע האט אלס איהר ענדציעל די אפשאפונג פון פריוואט־אייגענטום. דיזער פונקט איז נאך מיין מיינונג דער וויכטיגסטער פונקט, די שמה פון א. ר. מיט איינינע יאהר צוריק, ווען דער אינשורענס קאמישאנער האט אנגעפרעגט וועגען דיזען פונקט, האט גען. לאנדאן, אין דעם נאמען פון דער עקזעק. פון יענער צייט, געענטפערט, אז דיזער פונקט ווערט ניט דורכגעפיהרט אין לעבען און איז אין דער ענגלישער אויסגאבע פון דער קאנסטיטושאן ניטא. דער אינשורענס דעפארטמענט פאדערט אבער אז מיר זאלען איהם צושטעלען אונזער ריטואל. די עקז. האט וועגען דעם פערהאנדעלט און האט ערוועהלט א קאמיטע וועלכע האט געדארפט דעם פונקט פון אונזער קאנסטיטושאן ענדערען אזוי אז מיר זאלען קאנען צופרידענשטעלען די אינשורענס דעפארטמענטס, און אין דערזעלבער צייט גארנישט פארלירען פון אונזערע פרינציפען. ליידער האבען מיר נאכדעם ווי אונזער קאם. האט אויסגעארבייט א רעקאמענדאציאן, זיך ניט געקענט איינינען מיט גען. לאנדאן.

גען. לאנדאן האט ערקלערט אז צוליב דעם געזעץ דארף דער פונקט צו אונזער קאנסטיטושאן געמאכט ווערען מעהר עלאסטיש ווי אין דער רעקאמענדאציאן. און דערפאר גיבען מיר עס איבער צו אייך. איך זאג דא אפילו ניט מיין מיינונג, דאס וועל איך טאן שפעטער; דא גיבען מיר אייך נאר איבער אין די בעסטע אינטערעסען פון אונזער ארגאניזאציאן.

גען. מאיר לאנדאן באקומט דאס ווארט, און זאגט:

דער אינשורענס דעפארטמענט פאדערט ניט פון אונז קיין פרינציפען־ערקלערונג.

מיר האבען א פונקט אין אונזער קאנסטיטושאן, וואו מיר פארפליכטען א מעמבער צו שטימען פאר געוויסע פארטייען, מיר האבען אויך א פונקט אז פאר ניט אויספיהרען ווי פארגעשריבען זאל ער אויסגעשלאסען ווערען. דער אמת איז אז מיר האבען קיין מאל אזוי ניט געהאנדעלט. עס זיינען פארגעקומען פיעלע אזעלכע פעלע, און איך ווייס פון זיי, וואו מעמבערס האבען פארבראכען געגען דיזען פרינציפ און מיר האבען זיי ניט געשלאסען. יעדען מאל, וואס מיר דארפען מאכען ערקלערונגען צום אינשורענס דעפארטמענט, ענטפערען מיר די זעלבע זאך, אז דיזער פונקט פון אונזער קאנסטיטושאן ווערט קיין מאל ניט דורכגעפיהרט. צו וואס אלזא האבען אזא פונקט?

אט האב איך דא א פרינציפען־ערקלערונג פון דער ערשטער א. ר. קאנסטיטושאן וועלכען אונזער אלטער און באליבטער גען. פייגענבוים האט געשריבען. (ער ציטירט דאן פייגענבוים'ס פרינציפען־ערקלערונג.) ווי איהר זעהט וואלט מען מיט א פאר קליינע אויסנאמען דיזע פרינציפען־ערקלערונג פאלקאם געקאנט אננעמען. פארגעסט ניט אז מיר קענען זיך ניט פארגלייכען צו קיין יוניאן אדער צו דער סאציאליסטישער פארטיי. אויב דאס געזעץ זאל זיי ניט לאזען מעהר עקזיסטירען קאנען זיי גלייך אויף מארגען צוריק באשאפען ווערען אונטער אן אנדער נאמען. מיר, דער א. ר., קענען עס ניט. מיר טראגען אויף זיך די פאראנטווארטליכקייט פון 80 טויזענד מעמבערס און קאנען זיך ניט ערלויבען צו שטעלען דעם א. ר. אין געפאר צוליב א ווארט אדער א פראזע וואס קען אמאל ניט געפעלען אונזערע געזעצגעבער — די אינשורענס דעפארטמענטס.

פר. סעק. באסקין מאכט פאלגענדע ערקלערונג:

זייענדיג אין אפיס, פיהרענדיג די גאנצע קארעספאנדענץ מיט די פערשיעדענע אינשורענס דעפארטמענטס, פיהל איך די גאנץ גרויסע פאראנטווארטליכקייט וואס ליגט אויף אונז דא. איך שטים איין מיט אונזער ליגעל אדווייזער, אז פונ'ם שטאנדפונקט פון געזעץ האט מען געדארפט אונזער פרינציפען־ערקלערונג בייטען. מיר קענען ניט, לויט געזעץ, שטרייכען א מעמבער פאר שטימען אנדערש ווי אונזער אלגעמיינע מיינונג איז, און אזוי האנדלען מיר אליין. מיר קאנען אבער מאכען אונזער פרינציפען־ערקלערונג אלס אונזער ריטואל, אלס א דעקלאראציאן, וועלכע געהט ניט אריין אין די ראהמען פון אונזער קאנסטיטוציאן, און אלס אזעלכע האט דאס מיט דעם אינשורענס דעפארטמענט גאר ניט צו טאן, די פראגע פון געזעץ קען דא מעהר קיין ראלע ניט שפילען, און פאלגליך איז ניטא קיין נויטווענדיגקייט אויסצומעקען דעם פאראגראף, וועגען שטימען פאר דער פארטיי וועלכע האט פאר איהר ענדציעל די איינפיהרונג פון א פאלשטענדיגער פאליטישער און אינדוסטריעלער דעמאקראטי. מיר מוזען זיך רעכענען, זעהר פיעל רעכענען מיט דעם גייסט פון א. ר. מיט די טראדיציעס פון אונזער ארדען און מיט זיין שטעלונג צו דיזע פראבלעמען.

פר. גאלדין מאכט א פארשלאג צו ערוועהלען א 5־ער קאמיטע מיט'ן טשערמאן פון דער עקז. און אונזער ליגעל אדווייזער, וועלכע זאל אויסארבייטען א פרינציפען־ערקלערונג און זי ברענגען צו דער קאנווענשאן. עס ווערט געמאכט א פארשלאג צו שטימען, אבער די דעלעגאטען זיינען צופריהען אז די דעבאטע זאל פארטגעזעצט ווערען.

דאס ווארט באקומט פר. גרינבערג. ער זאגט: די פרינציפען־ערקלערונג, וועלכע פר. לאנדאן האט ציטירט און וועלכע איז געשריבען געווארען פון אונזער געוועזענעם סעקר. פייגענבוים, איז ניט קלאר. מען האט עס פיליכט געדארפט אין יענער צייט ווייל עס זיינען געווען 2 פארטייען און מען האט ניט געקענט אנצייגען דירעקט פאר וועלכער פון די פארטייען צו שטימען. וואלט לאנדאן געוואוסט דעם גייסט פון די מעמבערס וואלט ער פארשטאנען, אז די פרינציפען־ערקלערונג וואס מיר האבען האט אפגעהיט די ריינקייט פון אונזער ארדען. וואלטען מיר זי ניט געהאט, בין איך זיכער אז מיר וואלטען שוין היינט געהאט א נעסט פון פאליטישענס אין אונזערע רייהען. איך וואלט בעסער געוואלט אפטרעטען מיט וועלכע ניט אין באשלוס

פון אונזער קאָנסטיטושאָן, אבי ניט אָפּפערען מיט וואָס ניט איז פון אונזער פרינציפּען־ערקלערונג.

לעווינסאָן: איך בין ניט אין קיין גוטער לאגע. איך ווייס פאר וואָס איך וועל פ״ן אייך ניט אפּלאָדירט ווערען. איך ווייס אז וואָס שטארקערע ווערטער מען באנוצט אלץ בעסער קען מען אויסנעמען ביים עולם. מיך ארט עס אָבער ניט; איך מוז זאָגען וואָס איך דיינק, און איך דיינק אז מיט דעם וואָס מען וועט אומבייטען א וואָרט אין דער קאָנסטיטושאָן וועט מען דעם סאָציאליזם ביי מיר פון הארצען ניט ארויסרייסען, און וואָס עס זאָל ניט שטעהן אין דער קאָנסטיטושאָן וועלען מיר אלע זיך שטענדיג האלטען פאר די פרינציפּען אויף וועלכע מיר זיינען געגרינדעט געוואָרען. איך געדענק אז מיר האָבען אמאָל אין „בונד" געגרינדעט איינינע אָרגאניזאציאָנען, מיט זעהר וואסער־דיגע פּלאטפאָרמעס, דאָס האָט אונז אָבער קיין מאָל ניט געשאדט דאָרט אָנצופיהרען די ריכטיגע סאָציאליסטישע פּראָפּאגאנדא, און איך זעה ניט איין אז ווען מיר לעבען יעצט דאָ אין אזא צייט וואָס מען קען ניט זאָגען אלעס וואָס מען וויל, זאָלען מיר צוליעב א שעהנערען וואָרט שטעלען אין קאָן אונזער גאנצע אָר־גאניזאציאָן.

זאלצמאן: איך גלויב ניט אין גייסטער, איך גלויב אז מיר מוזען אונזער גייסט אויסדריקען אין דער פרינציפּען־ערקלערונג. עס וואָלט פאר אונז געווען פיעל געזינטער גאָר קיין פרינציפּען־ערקלערונג ניט צו האָבען איידער זי צו פארוואסערען. פון לאנדאָן'ס ווערטער פארשטעה איך אז מען באדערט אונז נאָך גאָר ניט אזוי פיעל. לאָמיר עס לאָזען יעצט, און זעהן וואָס די צייט וועט אונז ברענגען.

פעלדמאן, פון הארסאָן קאונטי: ניט אלע מאָל קאָנען מיר האנדלען ווי מיר ווילען. די פראגע איז: צי מיר מוזען, און אויב מען מוז עס טאָן, גלויב איך אז מען דארף אומבייטען אייניגע שטעלען, מען קען זיך ניט העלפען.

טער, פון שיקאגאָ: דאָ וויל מען אייגענטליך אונזער סענטימענט אָדער אונזער צושטימונג, ווייל ווען מען וואָלט עס געמוזט וואָלט עס די נאצ. עקז. אליין געטאָן, פונקט ווי זי האָט געטאָן מיט רעפערענדומס וועלכע זי האָט ניט דורכגעפיהרט. און אויב נאָר אויסדריקען אונזער סענטימענט, וויל איך זאָגען אז מיר נעמען אריין פיעל מעמבערס וואָס פארשטעהען גאָר ניט דעם א. ר. און אויב מיר וועלען ניט האָבען אונזער פרינציפּען־ערקלערונג גענוי אויסגעדריקט, וועלען א סך מעמבערס אוועק צו ווייט פון אונז און מיר וועלען זיי גאָר ניט קענען בינדען.

לעוויטאן: ווען מיר גיבען אינפאָרמיישאָן צו נייע ברענט־שעס וואָס מיר ווילען גרינדען, באווייזען מיר די ערשטע זאך אונזער פרינציפּען־ערקלערונג, אויף ווי ווייט מיר זיינען פאר־שידען פון אנדערע לאָדזשעס און סאָסייעטיס. נעמט מען דאָס אוועק האָבען מיר פאר זיי גאָר ניט וואָס צו זאָגען. איך בין דערום מיט דער מיינונג צו לאָזען די גאנצע פראגע פאר דער נעקסטער עקזעקוטיוו.

שייפער, טעקסעס: אונזער לאָיער פארשטעהט דעם א. ר. אנדערש ווי עס פארשטעהט איהם פר. עפּשטיין. איך, ווי עפּ־שטיין, פארשטעהען אז מיר קענען קיין זאך ניט בייטען פון אונ־זער קאָנסטיטושאָן, ווייל עס איז בלויז זי וואָס האָט אונז שטארק געמאכט.

וואָלאס: זאָל דאָ קלאָר ווערען אז מיר וועלען מיט גוטען אונזער פרינציפּען־ערקלערונג ניט אָפּגעבען, מיר וועלען וועניג־סטענס פייטען אזוי לאנג ווי מיר וועלען אבסאָלוט זיין געצוואונ־גען דאָס צו טאָן. איך גלויב ניט אז מיר וועלען דאָ קענען קו־מען צו א וועלכען ניט איז באשלוס, אויב די נאצ. עקז. האָט ניט געקענט איינשטימען מיט אונזער ליגעל אדווייזער ביז יעצט, וועלען מיר דאָ אויך ניט קענען און מיר וועלען דאָס מוזען לאָזען נאָך אמאָל פאר דער קומענדער עקזעקוטיוו.

אונזערע פריינד אטאקירען דאָ זעהר שטארק לאנדאָנען אין זיי זיינען ניט גערעכט. לאנדאָן שפּיעלט דאָ אייגענטליך די ראָלע וואָס אן אינטריגאנט שפּיעלט אויף דער ביהנע; דאָרט איז דער אינטריגאנט אליין גאנץ אָפּט א גוטער מענש נאָר ער איז געצוואונגען צו שפּילען די ראָלע פון א שלעכטען. און דאָך, ווען ער געהט ארויס פאר'ן פּובליקום ווערט ער פארשריען. דאָס זעלבע איז מיט לאנדאָנען; ער אליין איז א גוטער סאָציאליסט, און דערפאר וואָס ער זאָגט אז מען מוז אָפּהיטען די געזעצליכע זייט פון אונזער קאָנסטיטושאָן ווערט עס פון אייניגע באטראכט אז ער וויל אָפּשוואכען דעם סאָציאליסטישען גייסט אין א. ר.

באקסט: עס איז אייגענטליך שווער צו רעדען אין אזא פראגע פאר מענשען וועלכע ווייסען ניט פון קיין לאָא. איך

וויים אָבער אז דער א. ר. אינטערעסירט מיך בלויז פאר זיינ
פרינציפּען, נעמט זיי אראָפּ און איך וואָלט מיך מעהר מיט דעמ
א. ר. ניט געהאט צו אינטערעסירען. דאָ איז גערעדט געוואָרע
אז מען זאָל פּראָבירען ארייננשטעלען א פּונקט, אז יעדער מעמבע
מוז שטענדיג פארטיידיגען די ארבייטער אינטערעסען. דאָ
איז א היבש ביסעל צוצוגען. עס וועט זיך ווענדען ווער ע
וועט שטעהן ביים רודער, ווער עס וועלען זיין די פיהרער. ע
קען פארקומען אז אן דער שפּיצע זאָלען זיין אזעלכע מענשע
וואָס וועלען אויסטייטשען די ווערטער „פארטרעטען די א. ר
אינטערעסען" אזוי, אז מיר וואָלטען זיך געמוזט שעמען. איך
בין דערום דאפיר אז קיין זאך אין דער פרינציפּען־ערקלערונ
זאָל ניט געענדערט ווערען.

עס ווערט באשלאָסען פארצוזעצען די דעבאטע ביי דער
נעקסטער זיצונג.

עס ווערט געמאכט נאָמינייִשאָנס פאר טשערמאן פון דער
נעקסטער זיצונג, און פר. לעווינסאָן ווערט ערוועהלט.

## פינפטע זיצונג, דינסטאג, 3 אוהר נאָכמיטאג.

טשערמאן פר. לעווינסאָן, נ. י.; וויים־טשערמאן פר. קראַנץ
פילאדעלפיא.

דער טשערמאן ערקלערט אז א מעמבער פון בר. 22 נוארק
דזשאָ גרין, איז געטויטעט געוואָרען דורך אן עקסידענט. ע
פאָדערט אויף די דעלעגאטען זיך אויפצושטעלען פון זייערע פּלע
צער אלס אויסדרוק פון עהרע צו דעם פארשטאָרבענעם פריינד
עס ווערט באשלאָסען צו ערוועהלען א קאָמ. פון 3 זיך צו
באטייליגען אין דער לויה, און אין נאָמען פון דער קאָנווענשאָ
אוועקצולייגען א בלומען־קראנץ אויף דעם פריהצייטיגען קבר.

עס ווערט פארטגעזעצט די דעבאַטען וועגען דער פרינציפּען
ערקלערונג. דאָס וואָרט באקומט פר. קאָבלענץ פון שיקאגאָ
ער זאָגט: עס איז אמת אז די צייט איז יעצט זעהר ניט קיי
גוטע. מיר פאָהרען יעצט דורך א בלאָטע און מיר דארפען פו
איהר וואָס גיכער ארויסגעהן. אָבער מיר מוזען זעהן ני
נאָר ארויסגעהן, נאָר ארויסגעהן ריין אז די בלאָטע זאָל זיך צו
אונז ניט צוקלעפּען. מען דארף אלזאָ קיין זאך ניט בייטען אי
אונזער קאָנסטיטושאָן.

עפּשטיין: איך רייד יעצט ניט אין דעם נאָמען פון דער
עקז. קאָמ., נאָר איך דריק אויס מיין פּערזענליכע מיינונג. מיר
זיינען געווען געצוואונגען איבערצובייטען די פרינציפּען־ערקלע
רונג וועלכע פייגענבוים האָט געמאכט אויף דער יעצטיגער וואָכ
מיר האָבען, דערפאר, ווייל זי איז געווען אזוי וואסערדיג דאָס מיר
האָבען ניט געקאָנט פארפליכטען אונזערע מעמבערס ניט צו
שטימען פאר קאנדידאטען פון אנדערע פּארטייען. דיזע פרינצי
פּען־ערקלערונג איז אויך געשריבען געוואָרען מיט 20 יאָהר צו
ריק, ווען מען האָט אונז באטראכט אלס א לאָדזש אָדער א
סאָסייעטי. אפשר פאר א שענערע לאָדזש; אָבער ניט מעהר.
און אונטער דיזען איינדרוק איז יענע פרינציפּען־ערקלערונג געווען
גוט. אָבער צוליעב דעם פּלאץ וואָס דער א. ר. פארנעמט יעצט
אין דער באוועגונג קאָן יענע פרינציפּען־ערקלערונג צו איהם
מעהר ניט צוגעפּאסט ווערען. פר. לאנדאָן זאָגט, אז די פרינ
ציפּען־ערקלערונג פון אונזער קאָנסטיטושאָן איז בלויז א „זיך
נארעריי", אָבער מיר טאָרען ניט און מיר ווילען זיך גאָר ניט אָפּ
זאָגען פון דיזער נארעריי. מיר קאָנען זיך ניט פארגלייכען מיט
אנדערע אָרגאניזאציאָנען. אונזער פּלאטפאָרמע מוז זיין קלאָר
און דייטליך, אזוי אז מיר זאָלען ווירקליך האָבען א צוים נעגען
די מעמבערס וואָס קומען צו אונז אריין און פארשטעהען נאָך
ניט דעם א. ר. דעם מאָמענט וואָס מיר שניידען אָפּ א טייל פון
אונזער קאָנסטיטושאָן שניידען מיר אויך אוים א טייל פון אונ
זער נשמה. דאָס איז אן אָפּעראציע איבער אונזער נשמה, און
איך זאָג או ווען ס'האָט זיך געהאנדעלט וועגען פראָט. רייטס
אָדער אן אנדער אָפּעראציע וועגען דאָלארס, איז דאָס פיעל
פיעל גרינגער געווען ווי אן אָפּעראציע איבער דער נשמה. איך
גלויב דאָס מיר האָבען נאָך צייט. מיר זאָלען וועניגסטענס קאָנען
זאָגען, אז מיר האָבען געטאָן אלץ וואָס ס'איז נאָר געווען אין
אונזער מעגליכקייט ניט צו לאָזען עטוואָס אראָפּנעמען פון אונ
זערע פרינציפּען. מיר דארפען קעמפען פאר אונזער זאך. לאָמיר
פּראָבירען אָננעמען אזאָ פרינציפּען־ערקלערונג וואָס זאָל אם
וועניגסטענס געבען א מינימום פארפליכטונג פון אונזערע מיט
גלידער. מיר קאָנען אויך ניט האָבען קיין פרינציפּען־ערקלערונג
וואָס זאָל ניט זיין קיין טייל פון אונזער קאָנסטיטושאָן. ער
וועהלט דארום א קאָמיטע וואָס זאָל אויסארבייטען א פּראָגראם
אָבער זאָל מען אויף אונז ניט ארויפוואַרפען קיין מורא מיט רע

אקציע. די לאגע איז נאך ניט אזוי שרעקליך ווי מען מאלט אונז. איך שליס זיך אן אן דער מיינונג אז א פרינציפען־ערקלערונג זאל דא געשאפען ווערען און אינסטראקטען די עקז. קאמ. זי דורכצופיהרען. אויב די נעקסטע עקז. קאמ. וועט עס ניט קענען טאן, זאלען זיי ברענגען די פראגע צו דער קומענדער קאנוו.

יודיטש: איך גלויב ניט אז דא זאל קאנען געפונען ווערען א וועג ווי ארויסצוגעהן פון דער לאגע. מיר האבען שוין געהאנדעלט וועגען דעם ביי דער עקז. א 5־ער קאמ. האט שוין אויסגעארבייט א רעזאלוציע — די וועלכע איז דא פארגעבראכט געווארען. מיר קאנען אהן קיין פרינציפען־ערקלערונג ניט זיין. נעמענדיג אין אכט ווי שווער עס איז אויסצוארבייטען אזא פרינציפען־ערקלערונג שלאג איך פאר, קיינע קאמיטעס דא ניט צו ערוועהלען, נאר באלד אננעמען די פרינציפען־ערקלערונג וועלכע די עקז. האט רעקאמענדירט, און די עקז. זאל זיין אינסטרואירט זי דורכצופיהרען אין לעבען, און אויב זיי וועלען דאס ניט קאנען זאלען זיי ערקלערען, אז מיר נעמען אינגאנצען ארויס די פרינציפען־ערקלערונג פון אונזער קאנסטיטושאן.

דער פארשלאג אויף צו ערוועהלען א 5־טער קאמ. געהט דורך און פאלגענדע דעלעגאטען ווערען ערוועהלט: וויינבערג, באקסט, פיינער מאן — נויארק, גרינשפאן — ברוקלין, דזשענקינס — פיטסבורג.

פר. בעלאך ווערט צוגעלאזען אלס קאמיטע פון פילאדעלפיער לייבאר טעמפעל. ער באגריסט די 20טע קאנווענשאן און דריקט אויס די האפנונג דאס די 25טע קאנווענשאן זאל זיין אין פילאדעלפיא, אין זייער נייעם טעמפעל. ער ערקלערט, אז דער טעמפעל, וואס האבען זיך אונטערנומען צו בויען, איז א צו גרויסע אונטערנעמונג פאר זייערע אייגענע כחות, די געביידע וועט דארפען קאסטען א מיליאן און א פערטעל. ער אפעלירט דארום אז די קאנווענשאן זאל דיזע אונטערנעמונג שטיצען.

## באריכט פון דער בענעפיט קאמיטע

פר. יאקובי, טשערמאן פון דער קאמיטע, באריכטעט:

דער גרויסער צואוואוקס אין מעמבערשיפ היינטיגען יאהר האט געמאכט אז די בענ. קאמ. זאל האבען דיזען יאהר פיעל מעהר ארבייט ווי אין אנדערע יאהרען. און צוליעב דער עפידעמיע איז די קראנקען בענעפיט וואס מיר האבען דיזען יאהר אויסגעצאהלט געשטיגען צו דער סומע פון איבער צוויי הונדערט טויזענד דאלאר. מיר האבען פארהאנדעלט איבער 400 בענעפיט קייסעס וועלכע זיינען געווען צווייפעלהאפט. פון זיי זיינען 16 פון אונז צוריקגעוויזען געווארען, בלויז איין קייס איז אפעלירט געווארען צו דער גריווענס קאמ. און אויך אין דער קייס האט די גריווענס קאמ. גוטגעהייסען אונזער באשלוס.

מיר גלויבען אז די גריווענס קאמ. וועט אויף אונז קיין פאראיבעל ניט האבען וואס מיר האבען זיי געגעבען אזוי ווייניג ארבייט. מיר האבען באזוכט 40 ברענטשעס אין נויארק און אומגעגענד וועגען צווייפעלהאפטע בענעפיט קייסעס. אין די ווייטערע געגענדען האבען מיר די פראגען איבערגעגעבען צו די דארטיגע סיטי און דיסטריקט קאמיטעס, און לויט זייער מיינונג האבען מיר געהאנדעלט. מיר דריקען דא אויס אונזער דאנק צו אלע דיסטריקט קאמיטעען און ספעציעל צו שיקאגא, הארטפארד, ניו־הייווען און דעטראיט פאר זייער הילף וואס זיי האבען אונז געלייסטעט.

ווי איהר וויסט, האט די לעצטע קאנווענשאן באוויליגט 5 טויזענד דאלאר פאר פארשיידענע האספיטעלער. מיר האבען געהאט א ספעציעלען מיטינג מיט אונזער מעדיקאל אדווייזארי באארד און זיך מיט זיי בעראטען ווי די סומע איינצוטיילען. לויט זייער רעקאמענדיישאן האבען מיר געשטיצט די פאלגענדע נויארקער האספיטעלער: בית ישראל האספיטאל מיט 600 דאלאר, לבנון האספיטאל מיט 500 דאלאר, מאנטעפיארי האום 500 דאל., מאונט סיני טובערקולאר דעפארט. 300 דאל., קאנוואלעסענט האום 200 דאל., בראנזוויל האספ. 200 דאל., בית משה האספ. 200 דאל. די לעצטע צוויי זיינען נאך ניט פארטיג, אבער מיר האבען באשלאסען איבערצוגעבען זיי אונזער ביישטייערונג אזוי שנעל ווי זיי וועלען פארטיג ווערען.

וועגען די האספיטעלער אין אנדערע שטעדט האבען מיר אויף זיך ניט געוואלט שטעלען און מיר האבען זיך דורכגעשריבען מיט די דיסט. קאמיטעען פון אלע גרעסערע שטעדט און לויט זייערע רעקאמענדאציאנס האבען מיר באשלאסען צו געבען פאר נוארק 200 דאל., ראטשעסטער צוויי האספ. צו 100 דאל. יעדען, באלטימאר 200 דאל., פעטערסאן 200 דאל., און שיקאגא צו פיער אינסטיטושאנס 220 דאל. צוזאמען האבען מיר פארמיטלט צו האספ. 3,700 דאל. דעם באלאנס פון פון 1300 דאל. האבען מיר געלאזען פאר נעקסטען יאהר.

וואס אנבעלאנגט דער ארבייט אין אפיס, קאנען מיר אייך זאגען, אז ניט קוקענדיג אויף דער אינפלוענציא מגפה זייגען אלע בענעפיטס אויסגעצאלט געווארען אין צייט, און וואלטען אונזערע בר. סעקרעטערע געווען פינקטליך, וואלט דער בענעפיט דעפארט. געהאט ווייניגער ארבייט. אום צו געבען אייך א באגריף ווי אונזערע בר. סעקרעטערע האנדלען, וועט זיין גענוג צו זאגען אז דער דעפארט. האט צוריקגעשיקט אין פארלויף פון דיזען יאהר 265 דאקטאר אטעסטען. די דעלעגאטען מעגען עס נעמען אין אכט און ציהען דערצו די אויפמערקזאמקייט פון זייערע סעקר.

מיר האבען דיזען יאהר אפגעשאפט די דאקטאר עקזאמינישאן אין אפיס פאר נייע קאנדידאטען. עס פלעגען קומען 40 קאנדידאטען פאר אונטערזוכונג אין איין אווענט. די דאקטוירים האבען ערקלערט דאס זיי קאנען אונטער אזעלכע אומשטענדען קיין גוטע און גרינטליכע אונטערזוכונג ניט געבען. יעצט ווערען קאנדידאטען אונטערזוכט אין די אפיסעס פון די דאקט.

די דאקטוירים האבען געהעכערט דעם פרייז פאר אן אונטערזוכונג פון 50 סענט אויף א דאלאר.

מיר זיינען געווען באאויפטראגט פון דער לעצטער קאנווענשאן צו העלפען איינפיהרען דיסטריקט דאקטוירים, מיר האבען דארום מיטגעהאלפען דעם דיסט. דאקט. דעפארט.. אנגזעהער א פארשטעהער איז דארט געווען פארטראטען.

מיר האבען געדענקט דאס מיר וועלען קענען קומען צו דיזער קאנווענשאן מיט א רעקאמענדיישאן צו העכערען די קראנקען בענעפיט. מיר פארשטעהען אז 6 דאל. איז יעצט צו ווייניג. אבער צוליב דער מגפה, וועלכע האט אויסגעשעפט דעם סורפלוס פון בענעפיט פאנד, און צוליב אנדערע אורזאכען האבען מיר די פראגע פארלויפיג אפגעלייגט.

מיר באדאנקען אלע מעמבערס פאר דער עהרע וואס מען האט אונז צוגעטיילט צו פארוואלטען אזא וויכטיגען דעפארטמענט פון אונזער ארדען.

עס ווערען געשטעלט אייניגע פראגען וועגען די דיסטריקט דאקטוירים און דער טשערמאן ענטפערט דאס מיר וועלען שפעטער געבען א געלעגענהייט פארטרעטער פון דיסטר. מעדיקאל דעפארט. צו געבען די נויטיגע אינפארמיישאנס.

## באריכט פון דער ארגאניזאציאנס קאמיטע

פר. דינערשטיין, טשערמאן פון דער קאמיטע, באריכטעט:

מיר קענען זיך ניט באקלאגען אויף קיינעם, אז מען האט אונז שלעכט בעהאנדעלט. איך גלויב אז דאס איז געווען דערפאר ווייל מיר האבען געהאנדעלט בלויז לויט דעם גייסט פון אונזער קאנסטיטושאן. דער סענטימענט פון דער לעצטער קאנווענשאן איז געווען אז מיר זאלען אויך דיזען יאהר אנפיהרען א מעמבערשיפ קאמפיין. מיר האבען מיט דיזען סענטימענט זיך גערעכענט און מיר האבען באשלאסען איינצופיהרען א קאמפיין פאר צוואנציג טויזענד נייע מיטגלידער. דער רעזולטאט איז געווען אז מיר האבען אריינגענומען דיזען יאהר 13 טויזענד נייע מיטגלידער. אמת, מיר האבען ניט קיין צואוואוקס פון 13 טויזענד מיטגלידער, אבער דאס איז דערפאר ווייל ארום פיער טויזענד זיינען דיזען יאהר געשטראכען געווארען.

דער קאמפיין פאר 20 טויזענד נייע מיטגל. וואלט דיזען יאהר זיכער געווען ערפאלגרייך ווען ניט די הערשענדע רעאקציע און די מגפה. מיר קאנען ניט ריידען אויף אונזערע פארזאמלונגען בלויז וועגען בענעפיטס. מיר מוזען אויך באריהרען געזעלשאפטליכע פראגען. נאר די יעצטיגע געדריקטע שטימונג האט אונז געשטערט אין דער ארבייט.

איינע פון די שווערסטע אויפגאבען פאר אונזער קאמיטע איז צו שליכטען סכסוכים אין די ברענטשעס, און מיר האבען זיי דיזען יאהר געהאט א סך.

אין בר. 135 פילאדעלפיא האבען א טייל מעמבערס זיך ענטזאגט צו באלאנגען און האבען פארלאנגט מען זאל זיי ערלויבען צו גריגדען א נייעם בר. מיר האבען זיי ערלויבט אזא בר. צו גרינדען אויב זיי וועלען קריגען 25 נייע קאנדידאטען. זיי האבען געשאפען די נויטיגע צאהל קאנדידאטען און א נייער בר. איז געגרינדעט געווארען. בר. 135 האט זיך ענטזאגט זיי ארויסצוגעבען טרענספערס. אזוי ווי דער בר. האט א באשלוס צו קאלעקטירען 50 סענט פאר יעדען טרענספער, האט דער בר. געפאדערט דיזע 50־סענטיגע פון אונז. מיר האבען זיי ערקלערט אז די נאצ. עקז. האט א רעכט טיט דער קאנסטיטושאן צו

טרענספערירען מעמבערס פון איין בר. אין א צווייטע, און דערמיט איז די פראגע געשליכטעט געוואָרען. מיר האָבען גענומען אין אנבעטראכט אז מיט דעם טרענספערירען פון דיזע מעמבערס וועט געשאַפען ווערען מעהר אָרדנונג און הארמאָניע אין בר. 135.

פון פעטערסאָן האָבען זיך איינינע מעמבערס געווענדעט צו אונז מיט א פארלאנג אז מיר זאָלען זיי מאכען פאר מעמבערס עט לארדזש אָדער ערלויבען זיי צו גרינדען א נייעם בר. אזוי ווי די עטליכע זיינען אלע געווען באָסעס, וועלכע זיינען אין זייערע ברענטשעס שטראָפירט געוואָרען אויף קלאגען פאר באהאנדלען די ארבייטער זייערע ניט לויט דעם גייסט פון א. ר., האָבען מיר זיי דאָס ניט ערלויבט, ערקלערענדיג דאָס אלס מעמבערס עט לארדזש וועלען מיר זיי מאכען בלויז דאַן ווען מיר וועלען עס געפינען פאר נויטיג, און קיין באזונדער בר. פון באָסעס קאָנען מיר אין א. ר. ניט דולדען. דיזע עטליכע מעמבערס האָבען אָבער געשטערט די ארבייט פון בר., און נאָך איינינע שטורעמדיגע מיטינגען אין בר. האָבען מיר באשלאָסען ארויסצונעמען איינינע מעמבער באָסעס ווי אויך ארבייטער און מאכען זיי פאר מעמבערס עט לארדזש. איינינע פון דיזע מעמבערס זיינען אומצופרידען מיט אונזער באשלוס און סטראשען אז זיי וועלען דאָס ברענגען אין קאורט. מיר האָבען אָבער די געזעצליכקייט אויף אונזער זייט. מיר האָבען געמיינט אז מיט דיזען באשלוס זיינען מיר שוין פארטיג. אָבער מעמבערס פלעגען קומען און ניט לאָזען פיהרען די מיטינגס פון בר.. מיר האָבען דאַן באשלאָסען אויפצולייזען אינגאנצען דעם בר., נעמליך בר. 192, און איהם דערנאָך רעאָרגאניזירען. יעצט איז דיזער בר. רעאָרגאניזירט אונטער דעם נומער 421, און איינינע מעמבערס זיינען געמאכט געוואָרען פאר מעמבערס עט לארדזש. ליידער מוז איך זאָגען, אז מיר זיינען מיט פעטערסאָן נאָך ווייט ניט פארטיג.

די לעצטע קאָנווענשאָן האָט אונז אינסטרואירט אָנצושטעלען אָרגאנייזערס. מיר האָבען די פראגע פארהאנדעלט און באשלאָסען אז מיר קאָנען ניט שיקען סתם אָרגאנייזערס, מיר מוזען האָבען אזעלכע מענשען וועלכע זאָלען זיין גוט באקאַנט מיט'ן אָפיס און מיט אונזער ארבייט. אזעלכע האָבען מיר ניט געקאָנט קריגען. מיר האָבען דארום אראנזשירט דריי טורס, איינעם אין די סאוטה, איינעם אין דער וועסט און איינעם אין קענעדע, וועלכע זיינען געמאכט געוואָרען פון די פר. עפשטיין, יודיטש און איהם (רינערשטיין). אונזערע טורס זיינען געווען ערפאָלגרייך אין אלע הינזיכטען. כמעט אלע סיטי און דיסטר. קאָמיטעס זיינען דיזען יאָהר געווען טהעטיג, באזונדערס האָבען זיך אויסגעצייכענט די סיטי און דיסט. קאָמיטעען פון נויאָרק, שיקאגאָ, פילאדעלפיא און נוארק. ארבייט וואָס טראָגט אי אַן אָרגאניזאציאָנס אי אַן עדיוקיישאָנאל כאראקטער האָבען זיי דורכגעפיהרט געמיינשאַפטליך מיט דער נאצ. עדיוקיישאָנאל קאָמ.

אין אלגעמיין איז אונזער ארבייט דיזען יאָהר געווען ערפאָלגרייך, נעמענדיג אין אנבעטראכט די אוננאָרמאלע אומשטענדען אונטער וועלכע אונז איז אויסגעקומען אָנצופיהרען אונזער טעטיגקייט. מיר שליסען דיזען באריכט מיט א דאנק צו די ברייטע מיטגלידערשאַפט פאר דעם צוטרויען וואָס זיי האָבען אונז געשאָנקען און פאר דער הילף וואָס זיי האָבען אונז ארויסגעציינט אויף יעדען געביט.

די קרעדענש. קאָמ. באריכטען דאָס זיי האָבען געקראָגען א טעלעגראם פון דעלעגאט מאלקין פון נויאָרק, אז ער וועט ניט קענען זיין אנוועזענד צו דער קאָנווענשאָן. זיי רעקאָמענדירען דארום ארויסצורופען דעם נעקסטען סאבסטיטוט פר. בעקער פון בר. 36 נויאָרק. אזוי ווי דער באטרעפענדער געפינט זיך אין האָל, ווערט ער צוגעלאָזען אלס דעלעגאט. זיי באריכטען אויך אז דעל. קאָרשונסקי פון באלטימאָר האָט רעזיגנירט אלס דעל. דערפאר ווייל די קרעדענשעל קאָמ. האָט גע'פסל'ט דעם באלאָט פון זיין בר. זיי רעקאָמענדירען ארויסצורופען דעם סאָבסטיטוט פר. שווארץ פון בר. 64 באלטימאָר.

אויף דעם פארלאנג פון די דעלעגאטען, גיט פר. וואָלאָס איבער איינינע אינפאָרמיישאָנס וועגען דעם מעדיקאל דעפארטמענט פון נויאָרק. פר. וואָלאָס ערקלערט אז דער מ. ד. האָט זיך געגרינדעט דעם 1טען אָקט. 1919, מיט 83 ברענטשעס און 2742 עמבערס. די שטאָדט אין דאַן געוואָרען איינגעטיילט אין 24 דיסטריקטען, און מיט דריי מאָנאטען שפעטער האָט שוין דער דעפארטמענט געהאט 130 ברענטשעס מיט 11,701 מעמבערס. היינט־צו־טאָג האָט דער דעפּארט. 152 ברענטשעס מיט 13200 מעמבערס. דער באריכט אָפּגעבער ערקלערט, אז דיזער סיסטעם פון דיסט. דאָקטוירים צייגט זיך צו זיין גוט, און רעקאָמענדירט צו אלע גרויסע שטעדט דיזען סיסטעם איינצופיהרען. די צאָלונגען זיינען 50 סענט פער סינגעלמאַן און א דאָלאר א קוואָרטאל פיר פאמיליע.

ער באדאנקט די בענעפיט קאָמ. פאר איהר הילף ווי אויך דער דזשענ. עקז. פאר געבען פלאץ אין צייט פון דער עפידעמיע אין דזשענ. אָפיס פאר דיזער קאָמ., וועלכע העלפט די גרויסע צאָהל מעמבערס מיט מעדיצינישע הילף. אויך א דאנק דעם רעדאקטאָר פון „פריינד", גענ. ביילין, פאר זיינע פריינדליכע דינסטע. דער דעפּארט. האָט טריי געדינט אלע מעמבערס פון א. ר., אָהן אויסנאם צי זיי געהערען צום דעפּארט. אָדער ניט. די פינאנציעלע שטיצע איז פון דזשענ. עקז. געגעבען געוואָרען צום מעדיק. דעפּארט. אין יענער צייט.

עס ווערען געשטעלט איינינע פראגען, וועלכע פר. וואָלאָס ענטפערט צופרידענשטעלענד.

פר. פיינערמאַן, טשערמאַן פון דער דיסטריבושאָן קאָמ., באריכטעט וועגען די פארשידענע קאָנווענשאָן קאָמיטעס, אין וועלכע די דעלעגאטען זיינען איינגעטיילט, ווי פאָלגט:

### פערוואלטונגס קאָמיטע (בעשטעהענד פון 15 מעמבערס)

סינעל, נויאָרק; זוסמאַן, ברוקלין; מ. קאהען, טרענטאָן; פערלבערג, ברוקלין; אבראמס, ראָזענבלאט, נויאָרק; פּאָלאָק, נוארק; נעגין, פילדאעלפיא; חייקין, נויאָרק; לעווינסאָן, נויאָרק; לעמפּארט, שיקאגאָ; הייפערלינג, קליינמאַן, ברוק און ארנאָפּאָל, נויאָרק.

### קאָמיטע אַן אָפיסערס רעפּאָרט (8 מעמבערס)

וואלבערג, נויאָרק; גאָלדינג, נויאָרק; גאָטרין, נויאָרק; סילווערבערג, נויאָרק; בלומענטאל, שיקאגאָ; קארמאַן, דעטראָיט; מילער, וועסטשעסטער קאונטי; פארניק, נויאָרק.

### סאניטאריום קאָמיטע (17 מעמבערס)

עבעריל, נויאָרק; פרידלאנד, נויאָרק; גראָסמאַן, נויאָרק; פינקעלשטיין, נויאָרק; לעוויט, נוארק; קאָהן, פילאדעלפיא; קראנץ, פילאדעלפיא; ראטנער, נויאָרק; מאנדעל, נויאָרק; ראשקין, נויאָרק; בעקער, נויאָרק; פרידמאַן, נויאָרק; דזשאנסאַן, ברוקלין; מילער, דעטראָיט; גאָלדבלאט, ברוקלין; אורבאַן, פעטערסאָן.

### פרעס און עדיוקיישאָנאל קאָמיטע (15 מעמבערס)

י. ה. גאָלדבערג, נויאָרק; קאליש, שיקאגאָ; ראָזענפעלד, ראק איילענד; נעחאָוויטש, פילאדעלפיא; פיינערמאַן, נויאָרק; באזעל, פיטסבורג; קאָבלענץ, שיקאגאָ; מ. ווייך, נויאָרק; סטוירלינג, קענעדע; סילווער, סיו סיטי; מארגאָלין, נוארק; וויליג, פילאדעלפיא; וואָלאָוויץ, נויאָרק; סעלין, הארטפאָרד, און שייפער, טעקסעס.

### בענעפיט קאָמיטע (17 מעמבערס).

אישעראָוויטש, נויאָרק; אלטמאַן, נויאָרק; שווארץ, שיקאגאָ; קויפמאַן, פילאדעלפיא; רזשייקאָבס, מילוואָקי; פארלענגע, נויאָרק; זאגלין, קענזעס סיטי; ליבאָוויטש, ברוקלין; קראל, דעטראָיט; ווייסמאַן, ניו הייווען; שטייגער, האָדסאָן קאונטי; לעווין, ניו בראנזוויק; האָכמאַן, קליוולאנד; וויספעלד, קינגסטאָן; גוסטאנאָוו, קענעדע; פרידלאנד, סינסינעטי; לעווין, פראָווידענס.

### אָרגאניזאציאָנס קאָמיטע (21 מעמבערס)

ראָטהמאַן, נויאָרק; פ. בלאק, סאוט איסט; בלום, מעין; לעווין, העריסבורג; קעסעל, וואטערבורי; סלאווין, שיקאגאָ; קראפקא, נויאָרק; בענרושאמין, נויאָרק; העססעל, נויאָרק; קרינסקי, נויאָרק; מאלאט, נויאָרק; פיין, פעטערסאָן; עפּעט, פעטערסאָן; שטיין, נוארק; וואלאך, פילאדעלפיא; ווינבערג, טאָראָנטאָ; פרענקלין, פילאדעלפיא; קאָהן, נויאָרק; גערטלער, נויאָרק; אלפערין, נויאָרק; און שאפירא, אָלבאַני.

### היים אָפיס און א הויז פאר עלטערע מעמבערס (15 מעמב.)

רינערשטיין, נויאָרק; קליפּט, נויאָרק; לעוויטאַן, נויאָרק; בערמאַן, נויאָרק; חארקאָץ, באלטימאָר; דזשענקינס, פיטסבורג; לאנגער, נויאָרק; שיינבערג, וואשינגטאָן; בערמאַן, פילאדעלפיא; סילווערסטיין, שיקאגאָ; בליי, ברוקלין; סינעמאַן, נויאָרק.

### קאָנווענשאָן קאָמיטע (15 מעמבערס)

פערלשטיין, נויאָרק; גאָטלייב, נויאָרק; שקלאר, נויאָרק; בראנשטיין, פילאדעלפיא; אשינסקי, ברוקלין; בערגעל, הארטפאָרד; שוכמאַן, האָדסאָן קאונטי; סאקרין, ניו הייווען; גאָלדפיין, ריטשמאָנד; ברוקס, סיראקיוז; מאָגולעסקי, מינעאפּאָליס; קירשטיין, ראטשעסטער; טאָמאר, פילאדעלפיא; מערה, שיקאגאָ; פלאטקין, פיטסבורג.

## עלעקשאן קאמיטע (אלע מעמבערס)

חאראש, שיקאגא; דזשאנסאן, נויארק; ריזין, נויארק; גארפיעלד, פילאדעלפיא; קארשינסקי, באלטימאר; לאזארוס, הארטפארד; פעלדמאן, הארסאן קאונטי; מ. שטיין, ברידזשפארט; שטיינבערג, סט. לואיס; פלאקס, נויארק; שקלאר, נוארק; קאופמאן, קליוולאנד; ה. וויינבערג, טאראנטא.

אלס טשערמאן פון דער נעקסטער זיצונג ווערט ערוועהלט פר. מ. בערמאן, פילאדעלפיא; און אלס וויים־טשערמאן פר. גאלדבערג — נויארק.

די זיצונג ווערט דאן געשלאסען.

## 6טע זיצונג, מיטוואך 10 אוהר פריה

די זיצונג ווערט ערעפענט פון טשערמאן פר. באומאן פון פילאדעלפיא, גאלדינג פון נ. י., וויים־טשערמאן.

אויף דעם פארלאנג פון דעם סעקרעטאריאט צוצוזעצען נאך אייענם ווערט פר. י. ה. גאלדבערג פון בר. 600 ערוועהלט און צוגעזעצט צום סעקרעטאריאט.

א פארטרעטער פון „בית יתומים ישראלי“ באגריסט די קאנוועגשאן אין נאמען פון אלע יתומים פון יענער אינסטיטוציע. ער שילדערט דעם שרעקליכען צושטאנד פון די 16 הונדערט יתומים וואס געפינען זיך אויף בלעקוועלס איילאנד, דערפאר ווייל עס איז פאר זיי קיין פלאץ ניטא אין די אידישע יתומים אנשטאלטען. ער אפעלירט פאר שטיצע.

עס ווערט צוגעלאזען א פארטרעטערין פון דעם נוארקער מושב זקנים. זי באגריסט די קאנווענשאן און האפט אז מיר וועלען נעהמען אין אנבעטראכט דעם מושב־זקנים און איהם שטיצען.

א פארטרעטער פון דער דזשואיש קאנסאמפטיוו אסס׳ן פון לאס אנדזשעלעס סאניטאריום באגריסט די קאנוועגשאן, און ווינשט אז נעקסטען יאהר זאל זי אפגעהאלטען ווערען אין באסטאן. ער ווינשט אויך אז דער א. ר. זאל אין דער צוקונפט פארקלענערען זייך צאהל אפליקאנטען פאר סאניטאריום.

פר. יעקב לשוין, באגריסט די קאנוועגשאן אין נאמען פון דער א. ר. שולען קאנפערענץ, וואס איז אפגעהאלטען געווארען אין ניו יארק, עטליכע טעג פאר דעם קאנווענשאן. די שולען, זאגט פר. לשוין, וואס דער א. ר. האט באשלאסען צו גרינדען און געגרינדעט, איז די הערליכסטע אינסטיטוציע וואס דער א. ר. האט פאר זיך באשאפען. די באציהונגען צו די שולען אבער, זיינען אין געוויסע קרייזען געווען אביסעל קאלטליך. דאס קען אויסגעטייטשט ווערען אז דער א. ר. אלס א גאנצער באציהט זיך ניט ערנסט און ווארים גענוג צו דער שולען באוועגונג. ער פארלאנגט דארום, אז די קאנוועגשאן זאל אין איהרע באשליסע וועגען די שולען, זיך קלאר ארויסזאגען וועגען דעם.

די שולען באוועגונג, איז ניט ווי אנדערע טייטשען עס אוים: א ציצית און אלטע לידלעך באוועגונג. ניין, די שולען זיינען דער ערציהונגס־אנשטאלט וואו אונזערע קינדער הארפען קריגען א פראגרעסיוו־אידיש־מענשליכע ערציהונג. די שולען האבען פאר זיך אן אויפגאבע ניט צוצולאזען די אפפרעמדונג פון אונזערע קינדער צו די עלטערען. די א. ר. שולען, זיינען דער געגענגיפט צו דער ערציהונג וואס ווערט אונזערע קינדער געגעבען אין די בורזשואזנע שולען.

אום אונזערע קינדער זאלען ניט פארלוירען געהן פאר דעם קאמף וואס מיר האבען אנגעפאנגען, מוז די קאנוועגשאן טאן אלעס, אום די שולען באוועגונג צו שטיצען מיט׳ן פולען הארצען.

א פארטרעטער פון דער א. ר. פראגרעסיוו לייברערי פון ראטשעסטער, באגריסט די קאנוועגשאן. צוליעב געוויסע אורזאכען איז זייער שעהנע אינסטיטוציע רואינירט געווארען, און ער פארלאנגט דארום שטיצע, אום דאס נאך אמאל אויפצובויען און אנגעהן מיט זייער ארבייט.

דער טשערמאן שטעלט דאן פאר גענאסע קאהאן, רעדאקטאר פון „פארווערטס“, וועלכער קריגט א ווארימע אוואציע. גענאסע קאהאן פאנגט אן זיין רעדע מיט דער ערקלעהרונג, אז עס איז שוין א צערעמאניע דעם א. ר. צו באגריסען ביי זיינע יעהרליכע קאנוועגשאנס און איהם זאגען שבחים, וועלכע קומען איהם נאטירליך. איך וועל אבער אייער צייט מיט דעם ניט פארנעהמען, איך וועל בלויז ווידערהאלען דאס, וואס איך האב אייך אלע מאל געזאגט: איהר זייט שעהן, איהר זייט גרויס, איהר זייט קלוג, א. ז. וו. דאס איבריגע דערמאנט אייך אליין, אויב איהר געדענקט וואס איך האב אלע מאל געזאגט.

איך וויל אבער ציהען אייער אויפמערקזאמקייט אויף דאס פאלגענדע: אייער גאנצע וויכטיגקייט ליגט אין אייער פראקטישקייט. אייער רוחניות׳דיגע זייט איז אייער ביי־זאך. אייער פונדאמענט איז א ריין פראקטיש־עקאנאמישער, און דעריבער זייט איהר גרויס, און דעריבער וואקסט איהר.

איהר זייט דאך אויך אלע זיכער סאציאליסטען, און דא וועל איך אייך זאגען א פאר ווערטער. מיר אידישע סאציאליסטען און ראדיקאלען, טארען זיך ניט איינרעדען אז דער גרויסער אמעריקאנער עולם פארשטעהט אונז. די גרויסע אמעריקאנער מאסען גהערען ניט געגומען מיט אונזערע פראזען. עס איז אמת, אז זיי זיינען בכח און האבען אין זיך די איינגעשאפטען אמאל זיך צו געבען א רוק פאראוים און מאכען א גאנצע איבערקערעניש אין א גאנץ קורצער צייט. אבער ליידער זיינען יעצט די גרויסע מאסען אין אמעריקא טעמפ און טויב צו אלעם וואס מיר זאגען. זיי פארשטעהן אונז ניט. זיי ווילען ניט זיין רעוואלוציאנער, ווייל עס קוועטשט זיי ניט דער שוך.

דא פיהרט גענ. אב. קאהאן דורך א פאראלעל צווישען רוסלאנד און אמעריקא, צו באווייזען דעם גרויסען אונטערשיעד און די באדינגונגען פון די ביידע לענדער, און זאגט צווישען אנדערעם דאס פאלגענדע:

אין רוסלאנד, זיינען די רעוואלוציאנערע פיהרער געווען זיעגרייך: ערשטענס ווייל זיי האבען געטאן דאס, וואס דער מאמענט האט געפאדערט, שליסענדיג באלד שלום. און דורכדעם וואס זיי האבען צוטיילט ערד צו די פויערים. דאס איז אבער נאך ניט געווען אלעס. דער וויכטיגסטער פונקט וואס האט געהאלפען דער רעוואלוציע, איז דאס, וואס די מיליטער האט אויפגעהערט צו שיסען.— קאזאקען האבען אויפגעהערט צו שיסען. ווי פארשידען איז אבער די לאגע דא, וואו די רעאקציע בושועט אזוי שרעקליך, און וואו סאלדאטען צורייסען אויף שטיקלאך ראדיקאלע צייטונגען און צושטערען ראדיקאלע פארזאמלונגען. מיר מוזען זיך דא צופאסען צו די באדינגונגען, און האנדלען פראקטיש און פארנינפטיג.

צום שלוס זאגט גענ. קאהאן, אז דער א. ר. האט א גוף מיט א נשמה. דער גוף איז אונזער פראקטיש־עקאנאמישער באזים, און די נשמה איז אונזער אלעמענס שטרעבען צו דער באווירקליכונג פון דעם סאציאליסטישען געדאנק. איך באגרים ביידע טיילען אייערע, דעם גוף מיט דער נשמה.

פר. מש. שושאן, באגריסט די קאנוועגשאן אין נאמען פון פיפעלס לייסעאום קאמיטע פון ברוקלין און פארלאנגט שטיצע.

א פארשטעהער פון לייבאר לייסעאום קאמ. פון בר. 446 פון ראזעל, נ. דזש. באגריסט די קאנוועגשאן און פארלאנגט שטיצע.

א פארטרעטער פון לייבאר לייסעאום קאמ. פון עליזאבעט, נ. דזש. פון די ברענטשעס 47 און 290, באגריסט די קאנוועגשאן און פארלאנגט שטיצע.

גענ. מינץ, פון דער „פרייער ארבייטער שטימע“ באגריסט די קאנוועגשאן. צווישען אנדערעם זאגט ער: אז די פרייע ארבייטער שטימע, אלס א טייל פון דער ארבייטער פרעסע, האפט אויף דער שטיצע פון א. ר. ער ווינשט דעם א. ר. אז ווי ריזיג ער איז ביז יעצט געוואקסען, זאל ער אין דער צוקונפט נאך מעהר וואקסען, און ווערען דער גרעסטער אידישער ארדען אין דער וועלט.

עס ווערט פארגעשטעלט מר. רענדאלף, רעדאקטאר פון דעם ראדיקאלען נעגער־ארגאן „מעסענדזשער“. איך ברענג צו אייך דעם גרוס פון ערוואכטען נעגער, ערקלעהרט מר. רענדאלף. די נעגער, פלעגען ביז יעצט באנוצט ווערען אלס סקעבס, צו צוברעכען סטרייקס. זיי פארשטעהען ניט אז זיי ווערען באנוצט פון זייערע בעלי בתים געגען זייערע אינטערעסען. אונזער אויפגאבע איז, אויפצוקלערען די נעגער אז זייערע אינטערעסען זיינען דיזעלבע ווי די פון די ווייסע ארבייטער. דער „מעסענדזשער“ האט זיך געשטעלט די אויפגאבע. עס איז ניט אמת וואס מען זאגט, אז די נעגער זיינען ניט קאמפעטענט אויפצונעהמען פרייהייטס געדאנקען און ראדיקאלע אידעען. נעגער, פונקט ווי אידען, זיינען אלע מאל אונטערדריקטע ראסען. איהר קענט מיך דערפאר בעסער פארשטעהן ווי אנדערע. ער ענדיגט זיין רעדע מיט דער האפנונג, אז די קאנוועגשאן וועט שטיצען דעם „מעסענדזשער“, וועלכער זוכט אויפצוקלעהרען און צוטרייטען דעם נעגער פאר די גרויסע פרייהייט געדאנקען, און פאר דער ענטגילטיגער באפרייאונג פון דעם ארבייטער קלאס.

א פארטרעטער פון די „וואירלד וואר וועטעראנס ליעג“ באגריסט די קאנוועגשאן. ער ערקלערט, אז זייער ליעג האט זיך געגרינדעט, אום געגענצואווירקען געגען דעם איינפלוס פון דעם "אמעריקאן לעגיאן". מיר האבען געקעמפט, זאגט ער, פאר דעמאקראטיע דארטען, און מיר ווילען אויך האבען א ביסעל

פון דעם. ער פארלאנגט מאראלע און פינאנציעלע שטיצע.

פר. ארנאפאל, פון נויארק, ווערט ערוועהלט פאר טשערמאן, און פר. שייפער, פון טעקסאס, פאר וויס־טשערמאן פון דער נעקסטער זיצונג. דאמיט ווערט די 6־טע זיצונג געשלאסען.

## זיבעטע זיצונג, מיטוואך, 2 אוהר נאכמיטאג.

טשערמאן, ארנאפאל, פון נויארק; וויס־טשערמאן, שייפער, פון טעקסאס. פר. נעחאמקין רעזיגנירט פון סעקרעטאריאט. זיין רעזיגנאציע ווערט אנגענומען.

## באריכט פון דער סאניטאריום קאמיטע.

פר. גוסקין, טשערמאן פון דער קאמיטע, באריכטעט:

איידער ער נעהט איבער צום באריכט, דערמאנט פר. גוסקין דעם גרויסען פארלוסט וואס די סאניט. קאמ. האט געהאט דורך דעם פריהצייטיגען טויט פון מאקס פערלאוויטש, וועלכער איז געווען א מיטגליד פון דער סאנ. קאמ. די קאנווענשאן שטעלט זיך אויף צו עהרען זיין אנדענקען. ער געהט דאן אן מיט זיין באריכט, און זאגט: דער סאניטאריום איז דאס הארץ און די נשמה פון א. ר. ווען מיר קוקען היינט אויף דעם סאנ. מעגען מיר זיך גראטולירען, און גראטולירען די גרינדער פון אונזער שעהנער אינסטיטוציע. עס איז א ציערונג פאר דער ארבייטער באוועגונג בכלל און פאר'ן ארבייטער רינג בפרט.

פיעלע קאמיטעס שטעלען זיך אפ אין זייערע רעפארטס צו באווייזען וואו זיי האבען געשפארט געלד. מיר ווילען דאס ניט באווייזען, ווייל ניט קוקענדיג אויף די הויכע לעבענס־באדינגונגען האבען מיר פון די פאציענטען קיין זאך ניט געמינערט אויף א האר. עס איז זעלבסטפארשטענדליך געווען מעהר אויסגאבען צוליעב די הויכע לעבענסמיטלען. עס האט נאך געקאנט זיין גרעסערע אויסגאבען, נאר א דאנק די גוטע ארדנונג און עפישענסי זיינען די אויסגאבען פארהעלטניסמעסיג ניט צו גרויס.

די אויסגאבען דיזען יאהר פאר דער אויפהאלטונג פון סאניטאריום זיינען געווען 96,330.00 דאלאר. לעצטען יאהר — 82,754.28. דאס הייסט, מיט 13,575.00 דאלער מעהר. צוליעב די אויבענדערמאנטע אורזאכען, ווי אויך צוליב דעם, וואס די דורכשניטליכע צאהל פון פאציענטען איז לעצטען יאהר געווען 54 יעדען טאג, און דיזען יאהר 62.

די איינגאמען דיזען יאהר זיינען געווען 93,714.00 דאלער. אויסגאבען 96,330.00 דאלער. דעפיציט 3,284.28 דאלער. דעפיציט פון לעצטען יאהר 6,734.22 דאלער. צוזאמען דער דעפיציט 10,118.50 דאלער.

די איינגאמע פאר'ן בילדינג פאנד דיזען יאהר איז געווען 26,598.00 דאלער. באלאנס פון לעצטען יאהר 14,860.00 דאלער. צוזאמען 41,459.00 דאל. אויסגאבען 6,687.00 דאל. אין בילדינג פאנד 34,771.00 דאל. ארונטערנעמענדיג דעם דעפיציט פון אויפהאלטונגס־פאנד 10,118.00 דאל. בלייבט 24,653.00 דאלער.

דעם פרייז פאר באצאלטע פאציענטען האבען מיר געהעכערט פון 15 אויף 20 דאלער א וואך. פיעלע זיינען אפילו ניט געווען צופרידען. מיר האבען זיי באוויזען אז עס קאסט אונז פיעל מעהר אויסצוהאלטען א פאציענט. עס האט דיזען יאהר געקאסט אויסצוהאלטען א פאציענט 4.24 דאל. א טאג דורכשניטליך.

דערפאר, ערקלערט פר. גוסקין, קומט די סאנ. קאמ. צו דיזער קאנווענשאן מיט א רעקאמענדיישאן, צו העכערען די צאהלונג אויף דעם אויפהאלטונגס־פאנד מיט 5 סענט א קווארטאל פער מעמבער.

ער געהט דאן איבער צו דער פראגע וועגען ארדנונג אין סאניטאריום. ער זאגט, אז די סאנ. קאמיטעס זיינען מאנכעס מאל געקומען אין צוזאמענשטויס מיט די פאציענטען, ווייל עס ליגט שוין אין דעם כאראקטער פון אונזער סאניטאריום, אין וועלכען די פאציענטען פיהלען זיך פריי ווי ביי זיך אין דער היים, צו ווערען זיין די בעלי בתים און מישען זיך אין די ארמיניסטראטיווע אנגעלעגענהייטען, כאטש דאס איז געגען די רעגעלען פון אונזער סאניטאריום, און הויפטזעכליך געגען די געזונדהייטס־אינטערעסען פון די פאציענטען.

אויך אין דעם לעצטען יאהר איז אויף דעם גורל פון אונזער קאמיטע אויסגעפאלען דורכצומאכען זעהר ניט קיין אנגענעהמע פאסירונג. אלע ווייסען אז די לעצטע קאנווענשאן האט געהאנדעלט און גוטגעהייסען די האנדלונג פון דער סאנ. קאמ. אין זייער שטעלונג צו די אונרוהען פון אפריל 1918. פונדעסטוועגען האבען איניגע געוואגט, און ספעציעל דער בר. 306 פילאדעלפיא, געזוכט צו פארפיהרען אינטריגעס געגען אונזער נייער קאמ., כאטש מיר האבען מיט יענע אומרוהען קיין שייכות ניט געהאט, ווייל מיר זיינען ערשט אינסטאלירט געווארען ענדע מאי. בר. 306 האט אונז געלאזט וויסען, אז זיי רופען א קאנפערענץ פון פילאדעלפיער ברענטשעס, וועגען די אומרוהען אין סאניטאריום. אין מאנאט יוני האט אונז אויך א פעטערסאנער בר. געשריבען, אז ביי זיי אין שטאדט איז דא א געוויסער פאציענט, וועלכער איז נאר וואס געקומען פון סאניטאריום, און ער מאכט מיאוס'ע באשולדיגונגען געגען דער פארוואלטונג פון סאניטאריום. זיי פארלאנגען דערפאר ערלויבניס פאר זייערע א קאמיטע צו באזוכען דעם סאניטאריום כדי אויסצוגעפינען אויב די באשולדיגונגען זיינען באגרינדעט. מיר האבען זיי צוגעשיקט א קרעדענשאל און זיי האבען געלאזט וויסען אז זייער קאמיטע וועט קומען זונטאג, דעם 27־טען יולי, באזוכען דעם סאניטאריום.

גראד דעם זונטאג, ווען די קאמיטע פון פעטערסאן איז געקומען, האבען די פאציענטען ערקלערט א „הונגער סטרייק". פון די איבער 90 פאציענטען זיינען צו ברעקפעסט ארונטערגעקומען עסען בלויז 24. און שפעטער צו דינער בלויז 11, ווייל מ'האט פיעלע פון זיי אנגעשראקען און זיי אנגערופען „סקעבס".

קיינע מאטיוועו פאר'ן „סטרייק" האבען זיי קיינעם ניט געזאגט. עס האט כלומר'ש'ט געהייסען אז דאס עסען איז ניט גוט, אין דער צייט ווען אלעס איז געווען, אין באצוג צו עסען, אין בעסטען ארדנונג.

עס איז געגאנגען אזוי ווייט, אז עס איז געקומען צו געשלעגען, און פיעלע אנדערע ניט אנגענעמע פאסירונגען, אזוי אז די סאנ. קאמ. האט געמוזט די גאנצע פראגע איבערגעבען אין די הענד פון דער נאצ. עקז. קאמ., וועלכע האט גענומען א שטארקע שטעלונג און געהאלפען איינשטעלען ארדנונג אין סאניטאריום. מיר ווילען דא דערמאנען, אז ביי אלע קאנפערענצען וואו עס איז אויסגעקומען דער סאנ. קאמ. אנוועזענד צו זיין ווען די פראגען זיינען פארהאנדעלט געווארען, איז איבעראל די שטעלונג פון דער נאצ. עקז. קאמיטע גוטגעהייסען געווארען.

מיר דריקען דא אויס א דאנק צו אלע ברענטשעס און מיטגלידער, וועלכע האבען זיך ערנסט פארטראכט וועגען דעם, און אונז געגעבען דעם מוט צו ארבייטען אין די בעסטע אינטערעסען פון דעם א. ר. אין זיין סאניטאריום.

עס פרעהט אונז אויך צו באריכטער, אז זייט די לעצטע אומרוהען זיינען איינגעשטילט געווארען געהט אלעס אין סאניטאריום צו אין דער בעסטער ארדנונג און צו דער צופרידענהייט פון די פאציענטען, ווי אויך פון דער פארוואלטונג.

ער ענדיגט זיין רעפארט, אויסדריקענדיג זיינע בעסטע דאנקען צו דר. דזשוליוס האלפערין, סעקרעטער פון מעדיקאל אדווייזארי באארד, וועלכער איז אויך דער אדמיטינג דאקטאר פון סאניטאריום, און צו דר. י. ב. פיש, מעדיקאל דירעקטאר פון סאניטאריום. א דאנק זייער איבערגעבענהייט און פעהיגקייט הערשט יעצט א נייער גייסט אין סאניטאריום, א גייסט פון ארדנונג און פריינדליכע באציהונגען פון איינעם צום צווייטען, און צווישען די פאציענטען און דער פארוואלטונג.

ער גיט אויך איבער א רייהע פון ענדערונגען און אויסבעסערונגען וואס זיינען לעצטענס געמאכט געווארען אין די „לין־טוס" אין האספיטאל, אין טשיקען רענטש, און איבעראל וואו אויסבעסערונגען זיינען נויטיג געווען. עס זיינען אויך געמאכט געווארען פארשיידענע פארוויילונגען פאר די פאציענטען און ספעציעל דער צעהנטער יעהרליכער יוביליאום, וואס איז געפייערט געווארען אין סאניטאריום, שבת אוונט, 14טען פעברואר, דורך א קאנצערט, און זונטאג מיט א באנקעט פאר אלע פאציענטען און געסט.

מיר גיבען איבער דער נייער סאנ. קאמ. אן ארבייט וואס דארף געטאן ווערען מיט ערנסט און פאראנטווארטליכקייט. מיר האפען אז זיי וועט געלינגען אנצוהאלטען פאלשטענדיגע ארדנונג און אחדות אין זייער ווייטערדיגער ארבייט פאר'ן סאניטאריום, וואס איז אונזער שענסטע און נאבעלסטע אינסטיטוציע. מיר האפען אויך אז אלע ברענטשעס פון א. ר. וועלען זיי געבען די פולע אונטערשטיצונג און אנערקענונג.

דער רעפארט פון פר. גוסקין ווערט אויפגענומען. מיט דאנק און אפלאדיסמענטען פון אלע דעלעגאטען, און אלס אויסדרוק פון דאנק און אנערקענונג ווערט די סאנ. קאמ. פרעזענטירט

מיט א בוקעט בלומען פון דער אראנזשמענטס קאמיטע פון דער קאנווענשאן.

געג. וולאדעק באגריסט די קאנווענשאן אין נאמען פון נאטשוראליזיישאן אייד ליעג. ער ערקלערט די וויכטיגע ארבייטען וואס די ליעג האט לעצטען יאהר אויפגעטאן, און פארלאנגט מאראלע ווי אויך פינאנציעלע שטיצע.

ער ערקלערט אויך אז ער וואלט געהאלטען א לאנגע באגריסונגס רעדע, נאר ער וויל ניט פארנעמען אונזער צייט. ער וועט דערפאר טאן דאס וואס קאנגרעס־לייטע טוען ווען זיי גיבען איבער זייערע ניט־געהאלטענע רעדעס אין דעם „קאנגרעשאנאל רעקארד". וועט ער אויך זיין באגריסונגס־רעדע איבערגעבען אין דער פרעסע. ער שטעלט זיך אבער אפ אויף די יעצטיגע רעאקציאנערע צייטען וואס מיר לעבען איבער, און זאגט, אז מיר האבען זיך ניט וואס צו שרעקען פאר דער רעאקציע וואס הערשט יעצט אין לאנד. דאס קעמפט יעצט קאפיטאל פאר זיין עקזיסטענץ. עס זיינען שוין זיינע לעצטע טעג. ער ווינשט דעם א. ר. ערפאלג אין זיינע ארבייטען.

דר. אלייניקאף באגריסט די קאנווענשאן אין נאמען פון דענווער סאניטאריום. ער ערקלערט, אז דארט געפינען זיך 14 א. ר. פאציענטען און אז די מעהרסטע זיינען ארבייטער מאנכע געוועזענע פאציענטען פון אונזער סאניטאריום. ער אפעלירט פאר שטיצע.

געג. טראכטענבערג, פון דער רענד סקול, באגריסט די קאנווענשאן. ער ערקלערט, אז דער קאמף וואס די רענד סקוהל פיהרט יעצט אן, איז אונזער אלעמענס קאמף. מיר געפינען זיך אין די פאדערשטע רייהען אין דעם קאמף געגען די לאסקבילס, וואס זיינען געציעלט געגען אונזערע אידעאלען. מיר קומען צו אייך נאך שטיצע, ווייל מיר מוזען בילדען אונזערע ארבייטער, און דאס טוט די רענד סקוהל.

געג. יענער באגריסט די קאנווענשאן אין נאמען פון די „יונייטעד טענענטס ארגאניזאציאן", אינדארסירט פון די „פאראייניגטע אידישע געווערקשאפטען". די אויפגאבע פון אונזער ארגאניזאציאן איז, זאגט יענער, צו באקעמפען די פראפיטירענדע לענדלארדס. מיר פארלאנגען פון אייך שטיצע. מיר ווילען אויך אז די דעלעגאטען פון אנדערע שטעדט זאלען זעהן צו העלפען ארגאניזירען ביי זיי אזעלכע ארגאניזאציעס, און אנשליסען זיך אן אונזער צענטראלע קערפערשאפט.

א פארטרעטער פון די מאדערן סקוהל אסס'ן אוו נ. י. באגריסט די קאנווענשאן, פארלאנגט שטיצע פאר דער סקוהל.

דר. דזש. האלפערין, סעקרעטער פון דער מעדיקאל אדווייזארי באארד, קריגט דאס ווארט. ער קריגט זעהר א הארציגע אויפנאמע. ער באדאנקט דעם טשערמאן פון דער סאנ. קאמ. פאר זיין דערמאנען איהם מיט אזעלכע פריינדליכע ווערטער, און ערקלערט, אז זיין ארבייט פאר'ן סאניטאריום האט ער גענומען אויס ליעבע צו דער אינסטיטושאן. ער באריכטעט דאן דאס פאלגענדע:

אין דעם לעצטען יאהר, מיט דער אויסנאמע פון די ערשטע 3 מאנאטען, האט זיך דאס סאניטאריום לעבען געענדערט צום גוטען. עס זיינען ניט פארגעקומען קיינע דיסציפלין ברעכונגען ביי די פאציענטען, און אלעס איז אין דער בעסטער ארדנונג. א דאנק דער פעסטער האנדלונג פון דער סאנ. עקז. קאמיטעט, און ווענען די אומרוהען וואס זיינען פארגעקומען אין דער צייט פון דר. ראזענבערג'ס רעזיגנאציע, איז געלונגען איינצושטעלען די געווינשטע ארדנונג. הויפטזעכליך אבער צוליעב דער קאמפעטענץ און איבערגעבענהייט פון אונזער נייעם סופעראינטענדענט דר. י. ב. פיש, וועלכער האט, ווי א געניטער קאפיטאן, איבערגענומען דעם רודער, און אלעס איינגעשטעלט אין דער בעסטער ארדנונג. אויך אין די פראגען פון ריינליכקייט און דיעטע זיינען פארגעקומען די בעסטע ענדערונגען צו דער צופרידענהייט פון די פאציענטען.

אין מיינע באזוכען אין סאניטאריום האב איך אלע מאל פארהאנדעלט מיט דר. פיש ווענען אלעס וואס האט א שייכות צו אויסבעסערונגען אין אנשטאלט. מיר האבען אונטערזוכט אלע פאציענטען, וועלכע האבען געקענט פארלאזען דעם סאניטאריום, ווי אויך אלע אנדערע פאציענטען. די וואס האבען געדארפט פארלאזען דעם סאניטאריום האבען מיר געגעבען די נויטיגע אינפארמאציע ווי אזוי צו פיהרען זיך אין דער צוקונפט. אלעס איז געטאן געווארען אין די בעסטע אינטערעסען פאר די פאציענטען און מיט דער בעסטער הארמאני. דער מעדיצינישער סטאנדארד פון אונזער סאניטאריום איז אין איינקלאנג מיט די סטאנדארדס פון דער „אמעריקאן סאניטאריום אסס'ן".

דער רעקארד פון דער מעדיצינישער באהאנדלונג פון 179 פאציענטען לעצטען יאהר איז גלענצענד. פון די אנפאנג־קייסעס זיינען ביי 90 פראצענט אפגעשטעלט געווארען, און פון די מיטעל־ענטוויקעלטע קייסעס, מעהר ווי 60 פראצענט. דאס קען פארגליכען ווערען מיט דעם רעקארד פון דעם בעסטען סאניטאריום אין דער וועלט.

דאס האבען מיר צו פארדאנקען דער גוטער נאהרונג, דעם גוטען מיטגעפיהל־גייסט פון דעם דאקטאר און די אנגעשטעלטע צו די פאציענטען. דער באוואוסטזיין פון פאציענט, אז ער איז ביי זיך אין דער היים אונטער דעם שוץ פון זיינע חברים, זיינע פריינד אין א. ר., ווי אויך דאס וואס דער קראנקער בעטראכט דעם דאקטאר אלס פאטערליכען וועג־ווייזער און אלס פריינד אין זיין קאמף געזונד צו ווערען. דערפאר ווען דער דאקטאר בייזערט זיך אויף איהם אן אמאל, נעמט עס דער פאציענט אויף ווי די שטראף פון א פאטער צו א זוהן. זעהר וויכטיג איז אויך דאס, וואס יעדער פאציענט אין א. ר. סאניטאריום איז ניט קיין נומער נאר א מענש, וואס קריגט א באזונדער באהאנדלונג לויט זיין אייגענעם צושטאנד.

דער ערפאלג פון סאניטאריום בשטעהט אויך אין דעם וואס מיר שיקען פיעלע אהיים, וועלכע קומען אריין אין סאניטאריום אויף דעם ראטה פון די דאקטוירים אין די קלענערע שטעדט כאטש זיי זיינען ניט קיין טובערקולאזע. זיי ווערען אנגעשראקען און דאס שאדט זיי זיכער צום געזונד. מיר אונטערזוכען זארגפעלטיג דיזע קייסעס און שיקען זיי אהיים בארוהיגטע צו זייערע פאמיליען.

ער מאכט א רייהע רעקאמענדאציעס ווי איבערצוגעבען א ספעציעלע „לין־טור" פאר די מעהר ערנסטע פאציענטען; רעקאמענדירט אויך א פארוויילונגס־צימער, וואס דאס איז זעהר נויטיג פאר דעם געמיטהס־צושטאנד פון דעם קראנקען. ער דענקט אויך אז עס וואלט געווען זעהר גוט איינצופיהרען עטליכע קליינע ווערקשטאטען, וואו די פאציענטען זאלען קענען טאן לייכטע ארבייט. דאס ווירקט גוט אויף דעם גייסטיגען און נערווען צושטאנד פון דעם קראנקען. עס איז אויך נויטיג א בעסערער וואהנונגס־פלאץ פאר'ן דאקטאר.

אין דער ענדע פון זיין רעפארט שטעלט ער זיך אפ אויף דער וויכטיגקייט פון אכטונג געבען אויף זיך נאכדעם ווי מען פארלאזט דעם סאניטאריום. ער ערקלערט אז דער געדאנק וואס ווערט פון פיעלע פארשפרייט, אז מען קען שוין מעהר ניט געזונד ווערען, ווירקט זעהר שלעכט אויף'ן פאציענטס געזונד. דער סאניטאריום לערנט דעם גראדואירטען אז ער זאל לעבען רעגעלמעסיג און אונטער גוטע ארבייטס־באדינגונגען. עס וואלט געווען גוט, ווען פאר די ארויסגעהענדע פאציענטען זאל געגרינדעט ווערען אן אינדוסטריעלע קאלאניע, וואו עס זאלען זיין קליינע סאניטארע שעפער, און די פאציענטען זאלען אויך קענען וואוינען אין דער זעלבער געגענד.

ער ענדיגט מיט דעם וואונש, אז די רעקאמענדאציעס זאלען גענומען ווערען אין אנבעטראכט, און ער ווינשט ערפאלג אין דער ארבייט.

דר. פיש, מעדיקאל דירעקטאר פון סאניטאריום, קריגט דאן דאס ווארט. ער זאגט:

מיר האבען געהאט זעהר א שווערען ווינטער, און דאך איז אלעס געווען אין בעסטער ארדנונג. עס ווערט ביי פיעלע געמאכט דער איינדרוק אז די פאציענטען האלטען אין איין סטרייקען אדער מאכען אונרוהען. עס איז ניט ריכטיג. מ'האט דא צו טאן מיט מענשען, וואס האבען פראגרעסיווע אנזיכטען. ווען אזעלכע מענשען זיינען קראנק און נערוועז, דארף מען וויסען ווי אזוי מיט זיי ארומצוגעהן. די דיסציפלין פון א סאניטאריום קען אפילו א געזונטען מאכען נערוועז. אין א. ר. סאניטאריום אבער איז די לאגע א גאנץ אנדערע. דא געפינט זיך דער פאציענט אין א פריינדליכע אטמאספערע צווישען אייגענע פריינד, אין זיין אייגענער היים, און דאס ווירקט גוט אויף זיין געזונדהייט צושטאנד און אויף זיין געמיטה. ווען עס דארף אוועקגעהן פון סאניטאריום, קריגט ער די נויטיגע אינפארמאציעס ווי אזוי צו לעבען ווייטער.

ער ברענגט א גרוס פון די פאציענטען, וועלכע ווינשען אונז ערפאלג אין אלע אונזערע אונטערנעהמונגען, און ענדיגט מיט די ווערטער: איך טו בלויז מיין טייל. א גרויסען חלק [illegible] טוט דר. האלפערין, און א גרויסען טייל די [illegible] אלע צוזאמען טוען מיר דאס בעסטע אין די [illegible] א. ר. און זיין סאניטאריום.

נאכדעם ווי פר. גודעלמאן פון נ. י. ווערט ערוועהלט טשערמאן פאר דער נעקסטער זיצונג, ווערט די 7טע זיצונג געשלאסען

## אכטע זיצונג, פרייטאג, 10 אוהר פריה.

טשערמאן, גודעלמאן, ניו יארק. ווייס טשערמ. באזעל, פיטסבורג

### באריכט פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע.

פר. עפשטיין, טשערמאן פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע, באריכטעט. ער פאנגט אן: דאס, דער באריכט פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמ., קומט אוים ווידערהאלען וואס אנדערע קאמיטעס האבען שוין באריכטעט.

ווי איהר ווייסט באשטעהט די עקזעק. פון זעקס פארשידענע אבטיילונגען. און איין מאל א מאנאט קומט אוים דער עקזעק. איבערצוהערען נאך אמאל וואס די פארשידענע קאמיטעס האבען שוין אין פארלויף פון מאנאט איינינע מאל געהאנדעלט. דאס זעלבע קומט דא פאר אויף'ן קאנווענשאן. נאכדעם ווי מיר האבען שוין געהערט אלע קאמיטעס, קומט אוים דעם טשערמאן פון דער עקזעק. נאך אמאל ווידערהאלען די זעלבע זאך.

א טייל פון מיין באריכט האב איך שוין אייגענטליך אפגעגעבען, ווען איך האב בארירט די לעגאליטעט פראגע. דא וויל איך נאר זאגען אז די לעגאליטעט פראגע האט ביי אונז פארנומען א היבשען פלאץ, און מיר האבען צוליעב דעם געהאט א היבש ביסעל שלאפלאזע נעכט.

איך וויל נאר דא מאכען איין קליינע קארעקשאן, וואס ספעציעל די קענעדער דארפען עס וויסען. מיר האבען יעצט א דאמיניאן טשארטער אין קענעדע, אבער נאך דעם ווי מיר האבען אזא באקומען, האבען מיר זיך ערשט דערוואוסט אז מיר מוזען זיך ווענדען פאר נייע טשארטערס אין יעדע פראווינץ באזונדער. עס איז געווען א שווערע ארבייט, אבער מיר האבען אזעלכע באקומען, און יעצט האבען מיר טשארטערס אין אלע פראווינצען פון קענעדע.

וועגען די איבעריגע וועל איך נאר בארירען איינינע פונקטען. איך וועל ניט געבען דיזע פונקטען אלס אינפארמאציע, דאס קענט איהר ארויסנעמען פון אונזערע געדרוקטע באריכטען. דא וועל איך פרובירען באלייכטען איינינע פראגען, מיט וועלכע די נעקסטע עקזעק. קאמ. וועט ווארשיינליך זיך דארפען צו רעכענען אין זייערע קומענדע פארהאנדלונגען. און אויך אנצייגען, אזוי צו זאגען, די פראגראם פאר'ן נעקסטען יאהר, די פראגען זיינען פאלגענדע:

ערשטענס די רעליעף ארבייט. ווען איך בין געקומען צו דער עקזעק. גלייך ווי מיר האבען זיך אינסטאלירט, און ערקלערט אז מיר דארפען דיזען יאהר שאפען די סומע פון 50 טויזענד דאלאר, האבען איינינע מורא געהאט, אז מיר וועלען עס ניט קענען. איך בין געווען איבערצייגט אז מיר וועלען דאס קענען דורכפיהרען. און יעצט געפינט זיך שוין אין אפיס איבער 60 טויזענד דאלאר אין קעש. איך בין זיכער אז נאך בעפאר איך וועל אפפאהרען נאך אייראפא, וועלען מיר האבען 75 טויזענד דאלאר.

די רעליעף ארבייט פאנגט זיך יעצט אן אויף א גאנץ אנדערען שטייגער ווי ביז יעצט. ביז יעצט האט מען געארבייט בלויז צו געבען די הונגעריגע ברויט, יעצט פאנגט זיך אן די ארבייט פון העלפען זיי קאנסטרוקטיוו, העלפען זיי אויפבויען זייערע חרוב געווארענע היימען. ביז יעצט פלעגען מיר אויך ניט זיין צופרידען מיט די ארט און וויזע, ווי אזוי די געלדער פלעגען דארטען אויף יענער זייט ים, פאנאנדערגעטיילט ווערען. יעצט בין איך איבערצייגט אז אלע געלדער און ספעציעל פון א. ר., וועלען אוועקגעשיקט ווערען צו ארבייטער ארגאניזאציאנען, וועלכע וועלען דאס צוטיילען ווי זיי וועלען פארשטעהן אם בעסטען.

ביים לעצטען מיטינג פון דער פיפעל רעליעף קאמ., איז דיזע פראגע פארהאנדעלט געווארען, און עס איז באשלאסען געווארען, אז מען זאל שטעלען דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמ. פאלגענדע פאדערונג: אז פון די געלדער וואס וועלען אוועקגעשיקט ווערען, זאל א געוויסער פראצענט איבערגעגעבען ווערען צו די פארשטעהער פון די ארבייטער ארגאניזאציאנען, צו צוטיילען. דערביי איז אויסגעדריקט געווארען דער געדאנק דאס, אויב די דזשוינט דיסטריביושאן קאמ. זאל דיזען פארלאנג ניט נאכקומען, זאלען מיר זיך צוריקציהען און אנפיהרען די ארבייט זעלבסטשטענדיג. איך האף אבער אז דיזע פאדערונג וועט אונז נאכגעגעבען ווערען, און די דיימס און קוואדערס פון די א. ר. מעמבערס, וועט פון יעצט אן און ווייטער, אנקומען אין די הענד וועלכע מיר ווילען.

די רעליעף ארבייט האט ביי אונז נאטירליך פארנומען פיעל צייט. מיר האבען צו דעם צוועק געהאט פארזאמלונגען, און מיר זיינען געווען ערפאלגרייך. מאנכע ברענטשעס האבען אונז זאגאר אין דיזער ארבייט באגייסטערט. איין קליינער ביישפיל וועט אייך דא כאראקטעריזירען. אין לייקוואוד, נ. דזש. איז פון א קליינעם ברענטש, וועלכער האט זיך נאר וואס געגרינדעט און וועלכער האט אין גאנצען עטליכע און צוואנציג מעמבערס, דיזער ברענטש האט געשאפען א סומע פון איבער 700 דאלאר.

א צווייטער טייל פון אונזער ארבייט איז געווען: פובליסיטי. ריידענדיג וועגען דעם פונקט מוז איך דא אויסדריקען אונזער דאנק צום „פארווערטס" ער האט אונז דיזען יאהר געגעבען גענוג פובליסיטי. אמת, מיר האבען דעם יאהר זיך גענויטיגט אין מעהר פובליסיטי, אבער נעהמענדיג אין אנבעטראכט דעם מאנגעל אויף פאפיער, האט דער „פארווערטס" פאר אונז געטאן פיעל מעהר ווי ער האט געקענט.

א גרויסער טייל פון אונזער פובליסיטי ארבייט נעמט געוועהנליך ארום וויכטיגע טאג טעגליכע פראגען און געזעלשאפטליכע ערשיינונגען. אבער צוליעב דער רעאקציע וואס האט געהערשט אין לאנד איז דיזע טייל פון אונזער פובליסיטי ארבייט ניט נאר געווען באשרענקט נאר ס'איז אפטמאל געווען אונמעגליך זיך צוזאמען צו־ריידען מיט אונזערע ברענטשעס און מעמבערס דורך דער פרעסע.

ווי איהר ווייסט איז לעצטען יאהר צום קאנווענשאן ערשינען א קאמיטע פון די ברוקלינער ברענטשעס און געפאדערט אז מען זאל זיי צולאזען אלס דעלעגאטען פון דער ברוקלינער טעריטאריע.

די וואס זיינען אנוועזענד געווען ביים לעצטען קאנווענשאן געדענקען גאנץ גוט וויפיעל שמוץ און באליידיגונגען דיזע קאמ. האט געווארפען אויף דער פארוואלטונג, און ניט נאר האבען זיי געשמוצט מיט'ן מויל, נאר זיי האבען דאס אויך געטאן דורך א געוויסער צייטונג, בלויז דערפאר ווייל מיר האבען בעדענקט אז ברוקלען דארף ניט איינגעטיילט ווערען אין א באזונדערע טעריטאריע, צו ערוועהלען דעלעגאטען צום קאנווענשאן.

דיזען יאהר האט זיך צו דער נאצ. עקז. קאמ. געווענדעט א קאמיטע פון ברוקלין און האט ווייטער פארלאנגט אז מיר זאלען זיי געבען א טעריטאריע. זייער ערקלערונג איז געווען אז זיי ווילען א טעריטאריע כדי צו פערמיידען אינערליכע רייבונגען און בעסער קאנען טאן נוצליכע ארבייט פאר'ן רינג.

אבוואהל אין דער עקז. זיינען איינינע געווען שטארק דאגעגען האבען אבער די איבעריגע, אויך איך צווישען זיי, פארשטאנען אז עס וועט זיין געזינטער אז מיר זאלען זיי דיזען פארלאנג נאכגעבען. די צייט האט געוויזען אז מיר האבען געטאן א גוטע זאך. איינינע ברענטשעס, צווישען זיי אויך בר. 3, האבען ווירקליך גענומען טהאן גוטע ארבייט. עס זיינען אבער אין ברוקלין נאך אלץ געבליבען איינינע ברענטשעס, ספעציעל איינער וועלכער פיהרט נאך א העצענדע אגיטאציע געגען דער פארוואלטונג פון א. ר.

שטעלט אייך פאר, אז נאכדעם ווי אזא קאנפערענץ איז זיי באוויליגט געווארען, געפינען זיך יעצט איינינע וואס ווילען מען זאל זיי ערלויבען צו האבען א באזונדערע טעריטאריע אויף צו קענען ערוועהלען מיטגלידער אין דער נאצ. עקז. עס שיינט אז זיי ווילען זיך בעשאפען אן אייגענעם קלייניקען ארבייטער רינגעלע ספעציעל פאר ברוקלין. דא זיצט א דעלעגאט, וועלכער איז אנוועזענד געווען ביי זייער טעריטאריעלער קאנפערענץ און דארט האט ער זיך אויסגעדריקט אזעלכע שעהנע ווערטער אויף דער נאצ. עקז. ווי סוויט וחברותא. דערזעלבער האט זאגאר געמאכט א באשולדיגונג אז אין אפיס ווערען געפאלשעוועט באלאטס.

איך גלויב אז די קאנווענשאן מוז וועגען דעם זאגען עטוואס און זאגען שטארק. וואס אנבעלאנגט מיר פערזענליך, האלט איך פון דעם ווערטעל „הכל לפי המביש והמתביש", די קאנווענשאן טאר אבער אזעלכעס ניט דולדען. איך גלויב אין קריטיק, און זאגאר אין שטארקער קריטיק, אבער — אין אן אנשטענדיגער שפראך. איך גלויב אז מיין געגנער האט אויך א רעכט צו זיין מיינונג. עס טאר מעהר אזעלכע זאכען אין א. ר. ניט געדולדעט ווערען, ווייל דאס ברייננט דעמאראליזאציאן אין אונזערע רייהען.

אויב עמיצער דענקט אז עס ווערען אין אפיס געפאלשעוועט באלאטס, זאל ער ברענגען קלאגען, אבער ניט מאכען באשולדיגונגען ביי קאנפערענצען.

איך האף אז א רעזאלוציאן וועט דא אנגענומען ווערען וואס זאל ענטמוטיגען אזא אויפפיהרונג ביי קאנפערענצען אין דער צוקונפט.

ער געהט דאן איבער צו דער פראגע פון סאניטאריום.

„פר. גוסקין האט אייך שוין דא איבערגעגעבען די פאסר

רונגען אין סאניטאריום. ער האט אייך דערצעהלט דעם אמת. איך וויל נאר דא אין דער אנוועזענהייט פון פר. גוסקין אפשוואכען דעם שטארקען איינדרוק וואס זיינע ווערטער האבען געמאכט, אז אונזערע מעמבערס זיינען אנדערש ווי אנדערע אדער ערגערע ווי אנדערע. דר. פיש האט שוין די פראגע באריהרט, און איך שטים איין מיט איהם, אז דער עלעמענט אונזערער איז ניט נאר ניט קיין ערגערער נאר א פיעל בעסערער. גאנץ אפט איז צווישען זיי פאראן אינטעליגענטע מענשען. נאר דער כאראקטער פון אונזער אינסטיטושאן איז א גאנץ אנדערער. ביי אונז איז עס א דעמאקראטישע אינסטיטושאן. מיר אליין ערקלערען זיי דאס זיי אליין זיינען די בעלי בתים פון סאניטאריום, און עס איז זעלבסטפארשטענדליך אז קראנקע, נערוועזע מענשען, וועלכע פיהלען זיך אליין אלס בעלי בתים, זאלען אמאל האנדלען אזוי, וואס געזונטע מענשען וואלטען זיך ניט ערלויבט. דר. פיש האט אייך שוין געזאגט אז אנדערשוואו פאסירט אויך דאסזעלבע ווי ביי אונז. אויך אין אנדערע אינסטיטושאנס טרעפט מען אמאל פאציענטען שפילענדיג אין קארטען. דער אונטערשייד איז נאר וואס דארטען מאכט מען מיט זיי קיין צערעמאניעס ניט און מען ווארפט זיי ארויס, און מיר קאנען דאס ניט. דערביי וויל איך דערצעהלען צו אונזערע דעלעגאטען עטוואס וואס איך וויל זיי זאלען דאס וויסען.

מיר האבען דיזען יאהר אויסגעשלאסען 5 פאציענטען. גלויבט מיר, מיר האבען דאס געטאן מיט טרערען אין די אויגען. די גאנצע קאמיטע, וואס ס'איז דארט געווען פון דער עקזעקוטיווע, האבען פשוט געוויינט ווען זיי האבען דיזען באשלוס ארויסגעטראגען. אבער זייט וויסען אז מיר האבען אויסגעשלאסען בלויז אזעלכע וואס האבען שוין סיי ווי סיי באדארפט פארלאזען דעם סאניטאריום. איינער פון זיי האט שוין זאגאר געהאט פארלאזען די גראונדס. מיר האבען דאס אבער געמוזט טאן צו פארהיטען דעם פרעסטיזש פון אונזער אינסטיטושאן. עס איז אמת אז מיר ווילען האבען דיסציפלין אין סאניטאריום, אבער מיר ווילען אז די פאציענטען אליין זאלען באגרייפען די נויטווענדיגקייט פון דיזער דיסציפלין. אבער ניט אלע מאל גיט זיך עס אונז איין. עס טרעפט אפטמאל אז עס כאפען זיך אהין אריין א פאר מענשען פון דעם ברוקלינער טיפ. צום ביישפיעל, האבען מיר דארט היינטיגען יאהר געהאט איינעם א געוויסען פילאדעלפיער פאציענט וועלכער טוט דאכט זיך אליין גאר ניט, אבער אין דער ווירקליכקייט מאכט ער אן דעם גאנצען טומעל. פילאדעלפיא איז ניט ערגער פון ברוקלין און אויך דארטען מעגען זיך געפינען אזעלכע וואס עס איז שוין צייט זיי אויסצוראטען.

דער טשערמאן, פר. נורעלמאן, שלאגט איבער דעם רעדנער. ער ערקלערט דאס עס איז אנגעקומען א טרויעריגע בשורה אז אונזער אלעמען באקאנטער גענאסע נימקאווסקי פון „פארווערטס" איז פלוצלינג דורך א צופאל ערמארדערט געווארען. — א טויטע שטילקייט הערשט אין האל. ביי אלעמען באווייזען זיך טרערען אין די אויגען.

דער טשערמאן שליסט די זיצונג אויף 5 מינוטען צייט.

עפשטיין וויל דאן פארטזעצען זיין באריכט און קאן ניט. די טרערען שטיקען איהם. ענדליך זעצט ער פארט.

ווען ס'האט זיך אנגעפאנגען די אינפלוענציע מגפה האבען מיר דיזען יאהר באלד גענומען טאן עטוואס צו העלפען אונזערע מעמבערס. נאך דעם ווי עס איז אפגעהאלטען געווארען א מיטינג פון אלע טשערליימע, האבען מיר דיזע ארבייט איבערגעגעבען צום מעדיקאל דעפארטמענט. עס זיינען אנגעשטעלט געווארען דאקטוירים און נוירסעס. און מיר מוזען זאגען, אז מיר האבען ווירקליך דיזען יאהר געטאן א סך פאר אונזערע מעמבערס. יעדער וואס האט זיך געווענדעט נאך הילף האט דאס געקראגען אין צייט. און מיר זיינען זיכער דאס מיר האבען א היבשע צאהל מעמבערס פשוט געראטעוועט. איך קאן אייך יעצט ניט געבען קיין באשטימטע איינצעלהייטען וויפיעל דאקטוירים און נוירסעס עס זיינען אנגעשטעלט געווארען. עס האט אבער געקאסט צווישען 7 און 8 טויזענד דאלער. ערלויבט מיר דא שוין פאר איין וועג אויסדריקען מיין דאנק צום מעדיקאל דעפארטמענט, צו די מעדיקאל אדווייזארי באארד און צו די דאקטוירים: קלימענקא, האלפערן און מאריסאן, פאר זייער הילפע וואס זיי האבען אונז געגעבען.

א גרויסער טייל פון אונזער ארבייט איז אוועקגעגעבען געווארען פאר געזעלשאפטליכע פראגען. אין יעדער וויכטיגער פראגע האבען מיר אנטייל גענומען. רעזאלוציעס, מיטינגען און קאנפערענצן באווייזען דאס.

אלע קאמיטעס האבען דיזען יאהר זייער ארבייט געטאן ווי עס באדארף צו זיין. אלע קאמיטעס — אויסער די עדיוקיישאנאל קאמ. אמת, גענ. ביילין טוט זיין פליכט און נאך מעהר ווי זיין פליכט, אבער די עדיוק. קאמ. אלס א גאנצע האט זעהר ווייניג געטאן.

איך וויל אייך זאגען, כאטש עס איז זעהר טרויעריג. אונזערע אינטעליגענטען זיינען אונז ליעב און טייער; ווען עס קומט אבער צו טאן ארבייט פאר'ן א. ר. וואלט איך בעסער געוואלט זעהן די געוועהנליכע מעמבערס, די ריינק און פייל, ביי דער ארבייט. עס איז פיליכט ניט זייער שולד, זיי האבען קיין צייט ניט, אבער אזוי איז דאס. די נעקסטע עקז. וועט מוזען זעהן אז די עדיוק. קאמ. זאל טאן מעהר ווי די לעצטע האט געטאן.

די קאמיטעס צווישען זיך האבען דיזען יאהר געארבייט הארמאניש. עס זיינען געווען איניגע מיספערשטענדניסע, אזוי שנעל ווי א מעהרהייט האט באשלאסען האט געהערשט די נויטיגע הארמאניע. עס וואלט געווען ווינשענסווערט דאס די נעקסטע עקז. זאל ארבייטען ניט אין קיין ערגערע הארמאניע.

אין איינינע פונקטען זיינען מיר ניט געווען איינפערשטאנען, אבער דאס זיינען געווען וועגען פראגען פרינציפיעלע. איך וועל דא בלויז איבערגעבען איניגע פון די וועלכע פר. וואלאס האט שוין באריהרט. און דאס זייגען די פראגען וועגען פעטערסאן און טאלידא.

פעטערסאן, ווי דא איז ערקלערט געווארען פון וואלאס'ן, מאכט דעם איינדרוק אז דא האנדעלט זיך בלויז וועגען לומס. איך דענק ניט אז אום דעם האנדעלט עס זיך. עס האנדעלט זיך אום א קאמף צווישען א. ר. מעמבערס־ארבייטער און צווישען מעמבערס־בעלי־בתים. די וואס ארבייטען אויף דריי און פיער לומס מיט אמאל, און אמאל מיט ווייב און קינדער אלס א צוגאב, ווארפען ארויס די ארבייטער פון טרייד, און מען מאכט די טרייד וואס ווייטער אלץ נידעריגער. און ניט נאר אין נארמאלע צייטען, נאר זאגאר אין צייטען פון סטרייקס האבען די בעלי־בתים גענומען ארבייט פון מאנופעקטשורערס, ווייל זיי ארבייטען אויף 4 לומס, און דאס איז נאך מיין מיינונג א פשוט'ער סקעביזם וואס מיר טארען ניט דולדען.

נאך דער מלחמה האט מען אין פעטערסאן גענומען מאכען געלד. עס זיינען אויפגעקומען בעלי־בתים, און עס האט זיך דארט ענטוויקעלט דער ברויט־קאמף צווישען אונזערע ארבייטער־מעמבערס און צווישען מעמבער־באסעס.

דער קאמף איז געווען א שרעקליכער, שרעקליך אזוי אז מען האט געקאנט ערווארטען בלוט פארגיסונג.

מיר האבען דא געמוזט דעמאנסטרירען אונזער געדאנק, אז בעלי בתים ווערען ביי אונז געדולדעט אזוי לאנג, ביז זיי קומען ניט אין קאנפליקט מיט די ארבייטער.

פעטערסאן מאכט יעצט דורך דעם פעריאד וואס אנדערע יוניאנס האבען שוין לאנג באקעמפט, און דאס איז די צרה פון קליינינקע קארפארישענדלעך וואס מאסקירען זיך אונטער דער מאסקע פון קאאפעראטיווע געזעלשאפטען.

איהר האט דא א פאסקוויל פון איינינע פון דיזע באסעלעך וואו זייער חוצפה ווייזט זיך דייטליך ארויס. זיי באליידיגען אונז און ברענגען פאליציי צו א מיטינג.

דער אמת איז: אז אין א געוויסען בר. האבען די בעלי־בתים פארכאפט די מאכט און פלעגען דארט טאן וואס זיי פלעגען וועלען. די ארבייטער האבען אויפגעהערט קומען צו די מיטינגען, זיי האבען פשוט מורא געהאט פאר זייערע דזשאבס. פאר מיר אין די אויגען האט געטראפען אז אן ארבייטער איז ארויסגעווארפען געווארען פון דער ארבייט ווייל ער האט גערעדט געגען זיין באס, וועלכער איז אויך א מעמבער פון א. ר.

ווען אונזערע א קאמיטע איז געקומען צו יענעם ברענטש שליכטען אביסעל די מחלוקת, האבען אי די ארבייטער אי די באסעס געבראכט רעזאלוציעס אויף וועלכע זיי וואלטען זיך געאייניגט אז די קריגערייען זאלען אויפהערען. די ארבייטער האבען געבראכט א רעזאלוציאן — אונזער פרינציפען־ערקלערונג. די רעזאלוציע פון די באסעס האט אבער פארגעשלאגען אז מיר זאלען זיך ניט מישען אין די סכסוכים צווישען בעלי בתים און ארבייטער.

שוין צוליעב דעם אליין,, וואס די באסעס האבען געשטימט געגען אונזער פרינציפען־ערקלערונג, האט מען זיי געדארפט אויסשליסען פון ארבייטער רינג.

איך און עבעריל זיינען געווען ביי א מיטינג. ווען מיר זיינען אהין געקומען האבען מיר געטראפען ביים טהיר א פא־

ליסמאן. ווען מיר האבען א פרעג געטהאן וואס טהוט דא א פאליסמאן, האט מען אונז געענטפערט: „מסתמא וועט מען איהם דארפען".

איך האב דארטען געעפענט דעם מיטינג און געבעטען אז אזוי ווי עס זיינען שטארק א סך וואס ווילען צאהלען זייערע בילס, זאל מען פריהער פארהאנדלען די נויטיגע פראגען פון ברענטש און נאכהער זאל מען פערהאנדלען וועגען דער הויפט־פראגע. דא אין האל געפינט זיך איינער וועלכער האט אונז געענטפערט: „ניין, איהר וועט ניט מיטען".

קיין זאך האט ניט געהאלפען. מיר האבען געמוזט צונעהמען דעם טשארטער און די פלעג און אויפלייזען דעם ברענטש. ערשט דאן האב איך פארשטאנען אז מען האט ווירקליך באדארפט האבען פאלים.

מערקווירדיג, דיזע לייטע קומען יעצט מיט טענות, אז מיר האבען זיי קיין ריכטיגע הירינג ניט געגעבען. עס איז שוין א יאהר און א האלב, ווי מיר פארהאנדלען די פראגע „פעטערסאן" און נאך אלץ האבען מיר זיי קיין הירינג ניט געגעבען?

וועגען טאלידא איז אייגענטליך אנדערש ווי וועגען פעטערסאן. אין טאלידא זיינען אנגעקלאגט א. ר. מעמבערס וועלכע זיינען סאציאליסטען.

דער באשלוס וואס די גריוועַנס קאמיטע האט אונז רעקאמענדירט, אראפצונעהמען פון זיי די שטראף, האט די עקז. גוטגעהייסען. מיר זיינען געווען און זיינען איצט איינפארשטאנען מיט וואלאס'ן דאס מיר קאנען זיך ניט מישען אין פראגען וועלכע יוניאן איז גערעכט און וועלכע ניט, נאכדעם אבער ווי מיר האבען זייער רעקאמענדיישאן אנגענומען איז פאר אונז קלאר געווארען די לאגע גאנץ אנדערש ווי מיר האבען זיך פריהער פארגעשטעלט. און אט וואס מיר האבען אויסגעפונען: דארט איז פאראן די „אווערלאנד אוטאמאביל פעקטארי". א טהייל ארבייטער באלאנגען צו דער אמעריקאן פעדערישאן אוו לייבאר. עס זיינען אבער פאראן מאנכע ארבייטער וועלכע האבען זיך ארגאניזירט אין א „קרעפט יוניאן".

די אמער. פעד. אוו לייבאר האט אין דיזער פעקטארי ארויסגערופען א סטרייק. די באסעס האבען דאן געענטפערט מיט א לאק־אוט. די „קרעפט־יוניאן" האט דאן באשלאסען ניט צו געהן צו דער ארבייט אזוי לאנג עס וועלען שטעהן פאלים. שפעטער האבען זיך גענומען ווייזען סקעבס און עס זיינען אויך אוועק ארבייטען איינינע ארבייטער פון דער קרעפט יוניאן, צווישען וועלכע עס זיינען געווען אויך איינינע אונזערע מעמבערס. ווען מען האט זיי געפרעגט וואָרום זיי געהען צו דער ארבייט, האבען זיי זיך פארענטפערט דאס זייער יוניאן האט א באשלוס, דאס א סטרייק קען נאר ארויסגערופען ווערען בלויז דורך א רעפערענדום. און אזוי ווי דיזער סטרייק איז ערקלערט געווארען בלויז ביי א געוועהנליכען מיטינג, דארום איז דער סטרייק ניט קיין געזעצליכער פון יוניאן שטאנדפונקט. מיין מיינונג איז, אז ווען איין יוניאן רופט ארויס א סטרייק טארען די אנדערע ניט געהן צו דער ארבייט. אבער צוגעבען אז מען מעג, איז עס אין דעם פאל אויך געווען ניט ריכטיג. ווייל ערשטענס זיינען זיי געווארען מעמבערס פון דער „קרעפט יוניאן" ערשט ווען דער סטרייק האט אויסגעבראכען. און צווייטענס האט דער ברענטש זיך ביי זיי געבעטען ניט צו געהן צו דער ארבייט. דער ברענטש איז זאגאר געווען בערייט זיי צאהלען די ווידזשעס פאר דער צייט פון סטרייק.

איך דערצעהל עס אייך דא, ווייל איך וויל אז די קאמיטע און אפיסערס רעפארט זאל עס וויסען. מיר מעגען זיך דאס פערגינען, ווען אפילו די קאמיטע און אפיסערס רעפארט זאל ארויסטראגען איהר באשלוס געגען דער עקזעקוטיווע און פאר דער נאצ. באארד אוו דירעקטארען.

באראנקענדיג אייך אלעמען פאר די פולע אויפמערקזאמקייט וואס איהר האט מיר געשענקט, שליס איך מיט דער האפענונג, דאס די נעקסטע עקזעק. וועט אויך אנהאלטען דעם פרעסטיזש פון אונזער ארגאניזאציאן, ווי מיר האבען דאס געטאן.

געגאסין מאלקיעל באגריסט די קאנווענשאן אין נאמען פון דער „ניו יארק קאל". זי ענטשולדיגט זיך וואָרום זי איז געקומען אזוי שפעט. דאס איז ווייל גענ. אויראווין, דער רעדאקטאר, איז געווען קראנק. די סאצ. פרעסע, זאגט זי, גריסט אייך אין אייער ערפאלג. איהר האט באוויזען צו טאן מעהר ווי אלע אנדערע געוועהנליכע פראטערנאל ארגאניזאציאנען. אייער ארבייט וועט זיכער איממיטירט ווערען אין דער צוקונפט פון אלע אנדערע ארב. ארגאניזאציאנען. איך שטים איין מיט פר. עפשטיין, וועלכער האט געזאגט אין זיין רעפארט אז ארבייטער זיינען אלע מאל גערעכט. עס איז צוליעב דעם ארבייטער קלאס וואס מיר גיבען אוועק אונזער לעבען. דעבס, קייט ריטשארדס אהיער און פיעלע אנדערע גיבען אוועק זייער לעבען פאר דעם ארבייטער קלאס.

שווער קומט אויס יעצט פאר סאצ. צייטונגען צו עקזיסטירען, ספּעציעל ענגלישע, ווי די „קאל", „מילוואקי לידער" און אנדערע. מען וויל קיין פאפיער זיי ניט פארקויפען. מיר פארלירען לעצטענס 12000 דאלער א מאנאט אין פאפיער אליין. בוירלסאן טוט אויך זיין חלק.

איהר ווייסט דאך ווי נויטיג די „קאל" איז פאר דער ארבייטער בעוועגונג, זי איז די איינציגע ענגלישע צייטונג וואס גיט איבער אלעס ריכטיג וועגען די ארבייטער־קעמפפע, ווי סטרייקס, א. ד. ג. מיר בעטען דעריבער, אזוי ווי איהר האט אלע מאל געשטיצט זאלט איהר עס אויך יעצט טאן. איהר האט אונז פיעל געהאלפען קריגען אונזער נייע געביידע, העלפט אונז יעצט אויך צו באקעמפפען די ביטערע רעאקציע. דער קאמפף פאנגט זיך יעצט אן, און איהר ווייסט דאך ווי שטארק דאס געדרוקטע ווארט איז היינטיגען טאג, די קאפּיטאליסטען ווייסען עס און נוצען עס אויס פאר זייערע צוועקען. אלעס איז ארגאניזירט געגען אונז. העלפט אונז אנפיהרען דעם קאמף.

פלארענס וואטעלס, פערטרעטערין פון דער עסעקס קאונטי סאצ. פארטיי, באגריסט די קאנווענשאן. זי זאגט:

מיר האבען אויסצושטעהן שטרייטונגען פון איגווייניג און די ביטערסטע אטאקעס פון דרויסען, פון אונזערע שונאים. מיר מוזען אבער אונזער ארבייט אנפיהרען. מיר האבען אלע מאל געקראגען שטיצע ביי אייערע ברענטשעס. טוט עס יעצט אויך ביי אייער קאנווענשאן, איהר וועט דערמיט העלפען אונזער צייטונג „ניו דזשוירזי לידער", ווי אויך אונזער פארטיי אין אלגעמיין.

פר. באקסט, טשערמאן פון דער רעזאלוציאנס קאמיטע, באריכטעט: אז זיי רעקאמענדירען צו צאהלען די דעלעגאטען צו דער קאנווענשאן צו 10 דאלער א טאג. פר. גאלדין, פון נויארק, אמענדירט, אז די דעלעגאטען זאלען קריגען 12 דאלער א טאג. ער מאטיווירט עס דערמיט ווייל אלעס קאסט היינט טייער. פר. יודיטש רעדט פאר דער רעקאמענדיישאן פון 10 דאל. ער זאגט אז עס פאסט ניט פאר די דעלעגאטען צו שטימען פאר מעהר ווי די קאמ. רעקאמענדירט. ער דענקט אויך אז עס איז גענוג. נאך אן אבשטימונג ווערט מיט א גרויסער מאיאריטעט אנגענומען דער אמענדמענט פאר 12 דאל.

נאכדעם ווי פר. ל. דינערשטיין פון נויארק ווערט ערוועהלט פאר טשערמאן פון דער נעקסטער זיצונג, ווערט די 8טע זיצונג געשלאסען.

נייטע זיצונג, פרייטאג, 2 אוהר נאכמיטאג.

טשערמאן ל. דינערשטיין פון נויארק; וויס־טשערמאן, קארמאן פון דעטראיט.

די פראטאקאלען פון דער 6טע און 7טע זיצונגען ווערען פארגעלעזען און גוטגעהייסען.

גענ. אלעקסאנדער קאהן, פון פיפעל'ס רעליעף, באגריסט די קאנווענשאן: איך קום ביי אייך ניט בעטען קיין געלט, נאר אייך געבען א דאנק פאר דעם וואס איהר האט ביז יעצט געטאן פאר'ן רעליעף. איהר האט פאר'ן רעליעף באשאפען א מוסטער פאר אנדערע ארגאניזאציאנען. יעצט איז אבער די רעליעף־ארבייט מעהר דרינגענד ווי בעפאר. מען דארף אונזערע ברידער אויף יענער זייט שטעלען אויף די פיס.

איהר טוט אייער ארבייט אין א שעהנעם וועג. מיר האלטען אין אויסארבייטען א פלאן, אז מען זאל אונזערע ברידער דארט געבען רעליעף, ניט אלס צדקה, נאר אין דער פארם פון הלוואות. איהר וועט אונז זיכער העלפען אין דעם, ווי איהר האט עס געטאן ביז יעצט. איך האף אז איבער א יאהר וועל איך אייך אויך דארפען דאנקען אנשטאט בעטען ביי אייך געלט.

באריכט פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע.

פר. צביון, טשערמאן פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע, בריכטעט: איך וועל מיין רעפארט מאכען זעהר קורץ. דאס מיינט אבער ניט אז עס וועט באווייזען וועניג ארבייט. פר. עפשטיין קלאגט זיך, אז מיר האבען ניט געטאן גענוג ארבייט. איך קען דא ערקלערען, אז מיר האבען געטאן אלעס וואס מיר האבען געקענט. מיר האבען אפשר געקענט טאן מעהר, אבער מיר האבען געהאט פיעל שטערונגען אין אונזער ארבייט. די רעאקציע, וועגען וועלכער עס איז שוין אזוי פיעל גערעדט נאר

וואָרען, איז געווען אונזער הויפּט שטערונג. ביי פיעלע פון אונזערע לעקטשורס האָט מען אַרונטערגענומען סטענאָגראַפישע באַריכטען פונ׳ם יוסטיץ דעפּאַרטמענט, דאָך האָבען מיר געהאַט סך לעקטשורס. מיר האָבען אָרגאַנזשירט אַ טור איבער׳ן לאַנד פאַר אַ לעקטשורער, ליידער האָט עס געמוזט אונטערבראָכען ווערען צוליעב די אויבענדערמאָנטע שוועריגקייטען. איך אַליין האָב געמאַכט אַ טור אויף אַ קורצע צייט און עס איז געווען גאַנץ ערפאָלגרייך. די ברענטשעס איבער׳ן לאַנד זיינען דאַנקבאַר אַז מען קומט צו זיי, אָבער עס זיינען ניטאָ קיין מענשען וועמען צו שיקען. אַנדערע קאָמיטעס פון דער עקזעקוטיוו זיינען גיכער איימשטאַנד ארויסצושיקען מענשען ווי מיר, ווייל אונזער אַרבייט פאָדערט ספּעציעלע מענשען, וועלכע מיר האָבען ניט געקענט קריגען.

די שוהלען אונטערנעהמונג איז געווען די ערפאָלגרייכסטע. אין פאַרלויף פון ערשטען יאָהר זיינען געגרינדעט געוואָרען 10 שולען. יעצט האָבען מיר ביי אַ 30 שולען. מיר האָבען יעצט אַפּליקיישאָנס פאַר נאָך 30 איבער׳ן לאַנד, וועלכע ווילען זיך עפענען און ווילען לעהרער. און דאָ קומען מיר צום שווערסטען פונקט. עס פעהלען אונז לעהרער. ווען ניט דער מאַנגעל אין לעהרער וואָלטען מיר שוין יעצט געהאַט איבער 100 שולען. מיר האָבען צוליעב דעם צוועק אָרגאַניזירט לעהרער־קורסען. אייניגע פון די וואָס האָבען באַזוכט די לעהרער־קורסען זיינען יעצט שוין לעהרער. עס האָט איינגאַנצען געקאָסט איבער 1000 דאָלער. מיר ווילען אויך אויף ווייטער אָנהאַלטען די לעהרער־קורסען און זיי ענטוויקלען אויף אַ פיעל גרעסערען מאַסשטאַב. מיר האָבען אויך ארויסגעגעבען אַ ביכעל וואָס ענטהאַלט די פּראָגראַם און מעטאָדען פון אָרגאַניזירען און אָנפיהרען אַן א. ר. שולע.

מיט דעם ארויסגעבען פון „פריינד" האָבען מיר זיך אָנגעשטויסען אויף דער גרויסער צרה פון הויכען קאָסט פון פּאַפּיער, וואָס האָט אַמאָל געקאָסט 3 סענט אַ פונט און היינט 17 סענט. עס איז גאָר ניט פראַגע פון פּרייז, ווייל מען קען עס גאָר ניט קריגען.

דער „פאָרווערטס" האָט אונז פיעל געהאָלפען אין דעם און אונז פאַרקויפט בילינ פּאַפּיער. לעצטענס האָבען מיר איהם אָפּגעדאַנקט און איהם געבאָרגט פּאַפּיער וואָס מיר האָבען געהאַט אין דער צייט פון רעיל־ראָוד סטרייק. דאָס איז געווען אַ רעה פאַר אונז, ווייל מיר האָבען פאַר דער צייט ניט געמאַכט קיין קאָנטראַקטען מיט קיינע פּאַפּיער קאָמפּאַניעס, און מיר מוזען יעצט צאָהלען דעם הויכען מאַרקעט פּרייז, צוליעב דעם מאַנגעל אין פּאַפּיער, וועט איהר זיכער דאַרפען העכערען דעם „פריינד" פאָנד.

מיר האָבען דיזען יאָהר, ווי פאַר די לעצטע יאָהרען, אויך ארויסגעגעבען ביכער, גרעסערע און קלענערע, וואָס האַלטען צוזאַמען 1,800 זייטען, און ווערען פאַרקויפט צו די מיטגלידער פאַר האַלב פּרייז ווי אין סטאָר. אויך דאָס איז אונז אָנגעקומען שווער, צוליעב דעם פּרינטינג סטרייק, צוליעב פּאַפּיער א. ר. ג.

רעדענדיג וועגען אונזער ווייטערדיגער אַרבייט אין דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, וויל איך קודם כל דאַנקען די סיטי עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע אין נויאָרק, וואָס האָט אונז געהאָלפען. איך וויל אויפמערקזאַם מאַכען די קומענדע עקז. קאָמ., אַז זי זאָל זיך מעהר פאַראינטערעסירען מיט דער אַרבייט. די יעצטיגע עקזעקוטיוו האָט זיך וועניג פאַראינטערעסירט אין דעם.

ווען מען רעדט ביי אונז וועגען עדיוקיישאָן, רעדט מען וועגען דער נשמה פון א. ר. איך האָב אָבער מורא אַז די נשמה איז קראַנק. מען וויל ניט קיין אָפּיציעלע אינטעליגענטען אין דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, ווייל זיי טוען ניט קיין אַרבייט. אויב באַזוכען מיטינגען הייסט אַרבייטען, דאַן האָב איך אַ סך געטאָן. איך האָב כמעט אַלע מיטינגען באַזוכט, ווען די ניט־אָפּיציעלע אינטעליגענטען האָבען עס ניט געטאָן. דענקט אָבער ניט אַזוי וועגען אינטעליגענץ. עס איז נויטיג אינטעליגענץ אין אַלע קאָמיטעס, און ספּעציעל אין דער עדיוקיישאָנאַל קאָמ.

איך נעם דאָ פאַר נויטיג, אויסצודריקען אַ דאַנק צו פר. ביילין, סעקר. פון אונזער קאָמ. ער האָט געטאָן מעהר ווי ער האָט געקענט. מיר אַלע האָבען געטאָן דאָס, וואָס איז געווען אין אונזער מעגליכקייט. מעהר האָבען מיר ניט געקענט. עס איז ווי דאָס באַריהמטע ווערטעל: דאָס שעהנסטע מיידעל קען ניט זיין שעהנער ווי זי איז.

ער ענדיגט זיין באַריכט מיט דעם וואונש, אַז די קאָנווענשאָן וועט דער נייער עדיוק. קאָמ. געבען אַ גענוגענדען בודזשעט אָנצופירען בעסער די בילדונגס־אַרבייט אין דער צוקונפט.

גענ. ראַיער, פון דער נאַצ. עקזעק. פון דער סאָצ. פּאַרטיי, בעגריסט די קאָנווענשאָן. ער דאַנקט פאַר דער הילף וואָס די ברענטשעס פון א. ר. האָבען ביז יעצט געגעבען דער פּאַרטיי. ער פאַרלאַנגט שטיצע פאַר דער נייער געביידע פון די סאָצ. העדקוואָרטערס אין שיקאַגאָ, וואָס איז געקויפט געוואָרען, און ווערט אויסגעהאַלטען פון דער סאָצ. סאָסייעטי אָוו אַמער., וואָס האָט זיך אינקאָרפּאָרירט פאַר דעם צוועק.

## באַריכט פון גענעראַל סעקרעטער.

פר. באַסקין, גענ. סעקר., באַריכטעט: איהר האָט שוין אויסגעהערט אַלע באַריכטען, און עס בלייבט פאַר מיר שוין באַלד ניט איבער וואָס צו זאָגען. דאָ וועל איך אייך זאָגען עטליכע וויכטיגע פאַקטען, וואָס וועלען אייך אינטערעסירען. איך וועל אייך אויך ניט באַלעסטיגען מיט ציפערען, איהר קענט זיי לעזען אין געדרוקטען רעפּאָרט.

יעדען יאָהר, זייט דער א. ר. עקזיסטירט, איז די צאָהל מיטגלידער געוואַקסען, מיט דער אויסנאַהמע פון יאָהר 1911. דער פערלוסט פון יענעם יאָהר, ערקלערט זיך מעגליך מיט דעם, וואָס דאַן זיינען פאָרגעקומען גרויסע סטרייקס, און דאָס האָט פיעל געשטערט אונזער וואוקס יענעם יאָהר. אין אַלגעמיין געהען מיר כסדר באַרג־אַרויף. דעם גרעסטען פּראָצענט פון צווואוקס האָבען מיר געהאַט פאַר די לעצטע 3 יאָהר. צו אונזער איבעראַשונג, גראַד אין די יאָהרען, ווען מיר האָבען איינגעפיהרט די פראַטוירנאַל־רייטס. מיר האָבען נאָר מורא געהאַט אַז מיר וועלען פאַרלירען. צום סוף האָבען מיר גאָר געהאַט דעם גרעסטען ערפאָלג אין וואוקס פון מיטגלידער.

דער „פראַטוירנאַל מאָניטאָר" דריקט דערפאַר אויס זיין גרעסטע באַגייסטערונג פאַר אונזער א. ר. אין 1919 האָבען מיר אַריינגעקראָגען 17000 נייע מעמבערס. עס איז נאַטירליך אַז פיעלע זיינען ארויסגעפאַלען. אָבער עס איז באַמערקענסווערט, אַז די צאָהל פון ארויסגעפאַלענע ווערט יעדען יאָהר קלענער אין פּראָצענט.

עס איז אָבער אינטערעסאַנט פאַר די ברענטשעס צו שטודירען דעם פאַקט, אַז פיעלע פון די געשטראָכענע זיינען אַלטע מיטגלידער פון א. ר. און ביי אַ דריטעל פאַרהייראַטע. איהר דאַרפט זיך אַריינטראַכטען אין דעם. אייניגע געשטראָכענע זיינען שוין 18־19 יאָהר אין א. ר. איך האָב אָנגעפרעגט וועגען דעם ביים סעקר. פון בר. אָדער ברענטשעס, און אויסגעפונען, אַז די מעהרסטע פון די שטרייכונגען פלעגען פאָרקומען צוליב מחלוקת אין ברענטש.

די שטרייטונגען צווישען די לינקע און רעכטע אין דער סאָצ. פּאַרטיי האָט אונז ארויסגעהאָלפען אין דער הינזיכט. אין קענעדע, אין אַ קליין שטעדטעל, האָט אַ בר. געוואָלט אָנשליסען זיך אַלס בר. פון די לינקע ס. פּ. מיר האָבען זיי, פאַרשטעהט זיך, ערקלערט אַז אַזאַ זאַך קען ניט געטאָן ווערען, פשוט דערפאַר, ווייל מיר האָבען קיין רעכט ניט צו מישען זיך אין פּאַרטיי אַנגעלעגענהייטען. 18 האָבען דאַן רעזיגנירט פון בר. און איהם רואינירט. אויך אין דעטראָיט האָבען מיר צוליעב דעם פאַרלאָרען מעמבערס. איך האָף אַז מעהר וועלען אַזעלכע פעלע ניט פאָרקומען.

פר. באַסקין לעזט דאַן אַ טאַבעלע מיט ציפערען, וועלכע באַווייזען אַז אין פאַרגלייך מיט אַלע אַנדערע פראַטוירנאַל אָרגאַניזאַציאָנען, און ספּעציעל מיט די אידישע, שטעהט דער א. ר. העכער און שטאַרקער אויף אַלע געביטען.

דער אָרג. פאָנד איז ניט געווען גרויס גענוג. די אַרבייט איז אָבער געווען זעהר פיעל. יעצט אָבער, לויט דעם 4 סענטיגען רייט, וועט זיכער אַלעס געדעקט ווערען.

ער גיט דאַן איבער אַ טאַבעלע פון ציפערען פון די אויסצאָהלונגען פון קראַנק. בענעפיט אין אַלגעמיין, און פאַר דער צייט פון דער עפּידעמיע באַזונדערס.

אַ שווערער יאָהר אַרבייט איז עס געווען.

וועגען רעליעף וועל איך ניט רעדען, ווייל פר. עפּשטיין האָט שוין גענוג וועגען דעם געזאָגט. איך וויל בקיצור איבערגעבען מיט וואָס פאַר אַ ווילען און באַגייסטערונג די אַרבייט ווערט געטאָן. ערשט לעצטען זונטאָג, דעם ערשטען טאָג פון אונזער קאָנוו. האָט בר. 75 געבראַכט 800 דאָלער, בר. 99 — 700 דאָל., בר. 197 — 100 דאָל., די נואַרקער דיסט. קאָמ. — 1800 דאָל. דער גייסט אין דער אַרבייט איז גרויס. אונזערע ברענטשעס ווילען געבען דעם א. ר. וואָס מעהר קרעדיט אויף אַלע געביטען פון טהעטיגקייט.

## פאַרגלייכונגס טאַבעלע פון די רעזולטאַטען פאַר דעם יאָהר 1919 פונ׳ם אַ. ר. מיט די רעזולטאַטען פון 203 פראַטערנאַל אָרגאַניזאַציאָנען (גענומען פון „פראַטערנאַל מאָניטאָר“)

| א י י ט ע ם ס | טאָטאַל רעזולטאַט פון 203 פראַטערנאַל אָר־גאַניזאַציאָנען פאַר׳ן יאָהר 1919 | טאָטאַל רעזולטאַט פונ׳ם ארבייטער רינג פאַר׳ן יאָהר 1919 | פערגלייכונגס רעזולטאַטען פונ׳ם אַ. ר. מיט די טאָטאַל רעזולטאַטען |
|---|---|---|---|
| טאָטאַל מעמבערשיפּ דעצ. 31, 1919 — — — — — — — — — — | 9,951,331 | 75450 | 0.7582 פראָצ. |
| נייע מעמבערס אריינגענומען אין 1919 — — — — — — — — | 1,334,852 | 16963 | 1.2708 |
| % נייע מעמבערס פון דער טאָטאַל מעמבערשיפּ — — — — — | 13.4 | 22.5 | 167.9000 |
| פערגרעסערונג פון דער מעמבערשיפּ אין 1919 — — — — — | 352,014 | 11,812 | 3.0715 |
| % פערגר. פון מעמבשפּ. (לויט טאָטאַל מעמבשפּ. פון דעצ. 31 1919 | 3.5 | 15.6 | 445.7000 |
| טאָטאַל אינשורענס דעצ. 31, 1919 — — — — — — — — — — | $10,601,938,151.00 | $20,161,400.00 | 0.1900 |
| אינשורענס פון נייע פּאָליסיס אין יאָהר 1919 — — — — — — | 1,519,361,805.00 | 3,288,500.00 | 0.2164 |
| % פערגרעס. פון אינשורענס (לויט טאָטאַל אינש. דעצ. 31, 1919) | 14.3 | 16.3 | 112.6000 |
| טויטען בענעפיט קליימס אין 1919 — — — — — — — — — | $176,351,319.00 | $99,100.00 | 0.0562 |
| טויטען בענעפיט קליימס פער $100 אינשורענס — — — — — | 1.38 | 0.47 | 34.1000 |
| טאָטאַל פערמעגען דעצ. 31, 1919 — — — — — — — — — — | 12,560,237.00 | 1,186,993.30 | 11.0125 |
| פערמעגען פער $100 אינשורענס — — — — — — — — — — | 1.19 | 5.89 | 494.9580 |

## פאַרגלייכונגען צווישען אַ. ר. און דייטשע קראַנקען קאַסע פעראיין אין בעצוג קראַנקען בענע־פיט פאַר אַ משך פון 4 יאָהר.

| | ארבייטער קראַנקען קאַסע | א ר ב י י ט ע ר  ר י נ ג | |
|---|---|---|---|
| | | | מיט וויפיעל פּראָצענט ווייניגער |
| פּראָצענט קראַנקע מעמבערס — — — — — — — — — | 23.5 | 16.4 | 30 % |
| צאָהל קראַנקע טעג פער מעמבער פער יאָהר — — — — — | 6.6 | 3.8 | 42.5% |
| צאָהל קראַנקען טעג פער קראַנקען מעמבער פער יאָהר — | 28.1 | 23.3 | 17.1% |

## פאַרגלייכונגס טאַבעלען פון דעם אַ. ר. מיט אַנדערע אידישע פראַטערנאַל אָרגאַניזאַציאָנען.

| אייטעמס | ארבייטער רינג | אינדעפּענדענט אָרדער ברית אברהם | אָרדער ברית אברהם | אידישער נאַציאָנאַלער ארב. פערבאַנד | ארבייטער קראַנק. און טויטען בענעפ. פאַנד | אָרדער בני ציון | אָרדער פרי סאַנס אָוו איזראעל |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| טויטען רייט פער 1000 מעמב. | 4.7 | 11 | 23 | 4.43 | 11.10 | 8 | 35 |
| דורכש. עלטער פון מעמבערשיפּ | 33.03 | 44 | 43 | 30 | 44.50 | 40 | 55 |
| טאָטאַל בענעפיט אויסגעצאָהלט | $326,196.29 | $1,341,450.00 | $399,796.39 | $12,131.60 | $440,356.23 | $13,985.20 | $249,007.74 |
| טאָטאַל אינשור. דעצ. 31, 1919 | 20,161,400.00 | 81,293,500.00 | 12,566,750.00 | 1,826,250.00 | 13,435,000.00 | 1,371,500.00 | 6,551,750.00 |
| צאָהל מעמבערס דעצ. 31, 1919 | 75,450 | 162,587 | 25,278 | 5,542 | 53,740 | 4,757 | 7,303 |
| טאָטאַל פערמעגען דעצ. 31, 1919 | $1,271,786.87 | $1,276,736.88 | $163,126.99 | $113,983.79 | $1,328,750.29 | $118,798.75 | $1,355,226.66 |
| טאָטאַל שולדען דעצ. 31, 1919 | 84793.57 | 224,797.85 | 108,282.66 | 9,366.00 | 42,655.62 | 24,026.61 | 37,132.89 |
| טאָטאַל רעזערוו (ריינער פערמעג.) | 1,186,993.30 | 1,051,939.03 | 54,844.33 | 104,617.79 | 1,286,094.67 | 94,772.14 | 1,318,093.77 |
| רעזערוו פער $100 אינשורענס | 5.89 | 1.25 | 0.45 | 5.73 | 9.57 | 6.91 | 21.28 |
| % פערגר. (— מיינט פערקלענ.): | | | | | | | |
| פון דער אינשורענס — — — | 19.49 | —16.8 | —22.1 | 9.13 | 2.70 | — | 0.56 |
| פון דער מעמבערשיפּ — — | 18.56 | —16.8 | —21.7 | 14.61 | 2.70 | — | 3.04 |

ער ענדיגט זיין באריכט, אויסדריקענדיג א דאנק צו אלע קאמיטעס, וועלכע האבען הארמאניש געארבייט פאר די אינטערעסען פון א. ר. איך האב מיין ארבייט געטאן געטריי ביז יעצט, און וועל עס אויך ווייטער טאן.

דער אידישער שוישפילער, י. פ. אדלער באגריסט די קאנווענשאן אין נאמען פון אוקראינער פערבאנד. דארט, אין אוקראינא, זאגט ער, געפינען זיך פיעלע פון אייערע פאמיליען. ער אפעלירט פאר הילף.

פר. וויינבערג באריכטעט פאר דער 5ער קאמיטע, וואס איז ערוועהלט געווארען אויסצוארבייטען אונזער פרינציפען־ערקלערונג.

איך וויל דא ערשטענס ערקלערען, אז געזעצליך זיינען אונזערע אלטע פרינציפען־ערקלערונגען שוין ניט אין קראפט זייט 1912. דאן האט א מעמבער זיך פארקלאגט פאר'ן אינשורענס קאמישאנער, ווען זיין בר. אין גלאווערסוויל האט איהם באשטראפט פאר שטימען פאר א קאפיטאליסטישען קאנדידאט. דער קאמישאנער האט אונז דאן אנגעפערגט וועגען דעם. אונזער לינער אדוויזער, נעג. מאיר לאנדאן, האט איהם דאן געענטפערט אז אזא געזעץ איז ביי אונז ניטא, וואס זאל קענען א מיטגליד באשטראפען אדער אויסשליסען פאר שטימען פאר וועלכע ניט איז פארטיי. מיר האבען עס דאן געטאן פשוט דערפאר, ווייל געזעצליך קענען מיר דאס ניט דורכפיהרען.

אויף לעצטען יאהר האט דער קאמישאנער אונז אנגעפרעגט, וואס אונזער פרינציפען־ערקלערונג זאגט וועגען אזעלכע פראגען. פארוואס דער קאמישאנער האט אונז יעצט געשטעלט אין אזא לאגע ווייסען מיר ניט. נאר איהר ווייסט דאך אין וואס פאר א צייט מיר לעבען, מיר געפינען זיך פשוט יעצט אין אזא צושטאנד, אז מיר מוזען צוליב די אינטערעסען און וואוילזיין פון אונזער א. ר. מאכען די ענדערונגען וואס מיר שלאגען פאר, אין דער פרינציפען־ערקלערונג.

איהר ווייסט אלע ווי ווייט מיר זיינען געגען וועלכע ניט איז ענדערונג. איהר וועט אונז דערפאר ניט באשולדיגען אז מיר ווילען שאדען דעם אידעאלען און פרינציפיעלען גייסט פון אונזער ארדען. מיר קענען זיך אבער ניט העלפען. מיר מוזען עס צוליעב דעם דרוק פון דער צייט. עס ווערט פארשטאנען, אז אזוי שנעל ווי די צייט וועט אונז ערלויבען, וועלען מיר די פרינציפען־ערקלערונג ווייטער ענדערען. מיר וועלען אויך שטעהן אויף דער וואך צו זעהן אז דער גייסט פון אונזערע פרינציפען זאלען ניט געמינערט ווערען אויף א האר.

מיר לייגען איך דא דערפאר פאר די פאלגענדע פרינציפען־ערקלערונג:

### פרינציפען ערקלערונג פון ארבייטער רינג.

די נעדריקטע מאטעריעלע לאגע פון די ארבייטער, און אלס א רעזולטאט דערפון די אפטע קראנקהייטען, האבען געבראכט צו דער גרינדונג פון דעם „ארבייטער רינג", וועלכער זאל דורך איינינקייט, גענענזייטיגע הילף און אויפקלערונג פארלייכטערען און פארמיידען דיזע איבלען.

דער א. ר. איז איבערצייגט, אז די נויט און אפטע קראנקהייטען זיינען נעוועהנליכע ערשיינונגען אין דעם לעבען פונ'ם ארבייטער, און דעריבער באנוגענט זיך ניט דער „ארבייטער רינג" מיט דער גענענזייטיגער הילף, נאר ער שטרעבט צו פארווירקליכען די אידעע פון באפרייען די ארבייטען פון זייער שטענדיגער אונטערדריקונג; און דאס איז מעגליך נאר דאן, ווען דער ארבייטער וועט שטענדיג אויסנוצען זיינע רעכט אלס ארבייטער און בירגער אין די אינטערעסען פון די ארבייטער מאסען.

פאר דיזען צוועק באטראכט זיך דער „ארבייטער רינג" אלס א טהייל פון דער אלגעמיינער ארבייטער באוועגונג. ער שטרעבט צו העלפען די ארבייטער, פארקירצען זייערע ארבייטס־שטונדען און פארגרעסערען זייערע איינקינפטע, און דארום פארפליכטעט ער זיינע מעמבערס צו באלאנגען צו זייערע פאך־ארגאניזאציאנען. ער שטרעבט אויך צו העלפען די ארבייטער צו פארשטארקען זייער געזעלשאפטליכען איינפלוס אין דער געזעלשאפט דורך די אנערקענטע ארבייטער ארגאניזאציעס.

נאכדעם ווי עס ווערען געשטעלט עטליכע פראגען, וועלכע ווערען פארענטפערט פון פר. עפשטיין, וויינבערג און אונזער לינעל אדוויזער, לאנדאן, ווערט באשלאסען צו שטימען די פראגע דורך א ראל־קאל. דער רעזולטאט פון דער אבשטימונג איז 81 פאר און 47 נעגען. (די נעמען פון די דעלעגאטען און ווי זיי האבען געשטימט זיינען געדרוקט אויף אן אנדער פלאץ אין דיזער נומער). פר. עפשטיין שלאגט פאר, אז אויב די פרינציפען־ערקלערונגען וועלען נידערגעשטימט ווערען דורכ'ן רעפערענדום, זאל דער א. ר. בלייבען אהן פרינציפען־ערקלערונגען. דער פארשלאג ווערט אנגענומען.

פר. באקסט, טשערמאן פון רעזאל. קאמ., באריכטעט:
איך וויל קודם כל ערקלערען דאס פאלגענדע: ווען מען זיצט אין דער רעז. קאמ. און מען האלט ביים אויסצאהלען ביישטייערונגען צו ארגאניזאציאנען, פיהלט מען מאדנע. פון איין זייט זעהט מען ווי אלע האלטען דעם א. ר. פאר דעם רייכען פעטער. אלע ווילען געלד. מען קען אבער ניט אלעמען געבען און ניט גענוג געבען. אמאל אז מען פלעגט געבען א פאר דאלער, פלעגט זיין גענוג. היינט זיינען אנדערע צייטען. 11 לייבאר לייסעאומס ווילען געלד. פיעלע דיפענס קאמיטעס און פיעלע אנדערע אינסטיטוציעס. מיר האבען אויך געהאט פיעלע רעליעף ארגאניזאציעס, און אויב מיר האבען זייערע נעמען אויסגעלאזט, זאלען זיי אויף אונז קיין פאראיבעל ניט האבען. מיר מיינען זיי ניט דערמיט צו בעלידיגען. דער א. ר. איז א פאראנטווארטליכע ארגאניזאציע, און מיר קענען ניט געבען געלד צו יעדע לאקאלע רעליעף וואס ארגאניזירט זיך. מיר האבען געגעבען און וועלען נאך געבען גענוג צו די אפיציעלע אנרקענטע רעליעף ארגאניזאציאנען.

מיר רעקאמענדירען די פאלגענדע סומען פאר די פאלגענדע ארגאניזאציאנען:

### נוארקער שטאדטישע ארגאניזאציאנען.

גמילות חסדים 25 דאל.; לײדיעס רעליעף 25 דאל.; בית ישראל האספיטאל 150 דאל.; מושב זקנים 50 דאל.; דעי נוירסערי 50 דאל.; מלביש ערומים 50 דאל.; עסעקס קאונטי סאצ. פארטיי 100 דאל.; בר. 3 סאצ. פארטיי 50 דאל.; „ניו דזשוירזי לידער" סאצ. צייטונג 50 דאל.; אר. רינג דראמאטיק קלאב נוארק 50 דאל.; י. פ. ס. ל. לייבררי 25 דאל.; פעטערסאן כאהר 100 דאל.; א. ר. לייסעאום נוארק 600 דאל.; אראנדזשמענט קאמ. 100 דאל.

### אלגעמיינע ארבייטער ארגאניזאציאן.

נויארק „קאלל" 1000 דאל.; רענד סקוהל 500 דאל.; איד. סאצ. פעדעראציע 500 דאל.; „נייע וועלט" 500 דאל.; לאס אנדזשעלעס סאניטאריום 1000 דאל.; דענווער סאניטאריום 500 דאל.; „מעסענדזשער", ארגאן פון די נעגער ארבייטער, 250 דאל.; נאטוראליזיישאן אייד ליגע 200 דאל.; לאס אנדזשעלאס אר. רינג רעליעף 1000 דאל.; דענווער א. ר. רעליעף 500 דאל.; „פרייע ארבייטער שטימע" 300 דאל.; בית יתומים, בלעקוועלס איילענד 100 דאל.; וואירלד וואר וועטעראנס ליגע 50 דאל.; פאליטיקעל דעפענס (געוועזענער רויטער קרייץ) 50 דאל.; פאר די גאליצישע איד. סאצ. צייטונגען „דער וועקער" און „דאס נייע לעבען" 100 דאל.; ס. פ. בילדינג פאנד 500 דאל.; איד. קאאפעראטיווע פעדעראציע 50 דאל.; די סטרייקערס אין סאן פראנציסקא דורך בר. 114 א. ר. 50 דאלער.

מיר רעקאמענדירען דא, אז די 2000 דאלער וואס די קאנווענשאן האט באשטימט צו געבען פאר דער אמנעסטיע באוועגונג, זאל די נאצ. עקזעק. צוטהיילען צו די פארשיידענע עקזיסטירענדע דעפענס ארגאניזאציאנען ווי זיי געפינען עס פאר נויטיג. מיר רעקאמענדירען אויך, אז די 6000 דאלער פאר האספיטאלס איבער'ן לאנד ווי זיי געפינען פאר נויטיג. ביידע רעקאמענדיישאנס ווערען אנגענומען.

### באריכט פון דער פארוואלטונגס קאמיטע.

פר. ראזענבלאט, טשערמאן; לעווענסאן, סעקרעטער און באריכט אפגעבער. רעקאמענדירען:

1. אז אין ארטיקעל 3, פונקט 1, וואו עס לעזט זיך „יעדער קערפערליך־געזונטער און גייסטיג נארמאלער מענש פון ריינעם כאראקטער אין עלטער פון 18 ביז 40 יאהר", זאל אנשטאט 40 זיין 45 יאהר.

2. דעם זעלבען ארטיקעל, וואו עס לעזט זיך, דאס קאנדידאטען פון 38 ביז 40 יאהר אלט מוזען צושטעלען נעגויע באווייזע, דאס זיי זיינען ניט עלטער ווי אנגעגעבען, זאל זיין אנשטאט 40, 45 יאהר.

3. אין דעם זעלבען ארטיקעל, פונקט 12, וואו עס האנדעלט זיך וועגען יורשים אדער בענעפיציאנטען, זאלען ארויסגעווארפען ווערען די־ווערטער חתן און כלה.

4. יעדער פארגעשלאגענער קאנדידאט וואס נעהמט ארויס א 1000 דאלער פאליסי, אדער א מעמבער וואס העכערט זיין

אינשורענס ביז 1000 דאלער, מוז דורכגעהן א דאקטאר עקזא־מינײשאן פון אן אנערקענטען א. ר. דאקטאר און באצאהלען די סומע ווי באשטימט פון א. ר.

5. פארגעשלאגענע קאנדידאטען וואס זיינען עלטער פון 40 יאהר, מוזען האבען א ספעציעלען דאקטאר עקזאמינײשאן.

6. צו ארטיקעל 3, פונקט 25, זאל צוגעזעצט ווערען: א קאנדידאט וואס וויל זיך פארזיכערען אין מעהר ווי פיער הונדערט דאלער, זאל ניט דארפען איינצאהלען מעהר ווי 4 דאלער איינטריטס געלד.

7. אין קראנק. בענעפ. פאנד זאל זיך שטענדיג געפינען אלס רעזערוו א סומע פון ניט ווייניגער וויפיעל עס באטרעפט די איינצאהלונג אין דיזען פאנד פאר איין קווארטאל.

8. אין ארטיקעל 6, פונקט 1 זאל זיך לעזען:
א מיטגליעד פון ערשטען, צווייטען און פיערטען קלאס צאהלט אין פאראויס יעדען קווארטאל פאר:
א) קראנקען בענעפיט (דיסאבילימי);
ב) קאנסאמפשאן בענעפיט;
ג) פארוואלטונגס־קאסטען;
ד) טויטען בענעפיט לויט דעם עלטער וואס ער ווערט אייפגענומען אין א. ר. און נאך דער באשטימונג פון דעם עקטשוערי פון א. ר. לויט דער סיסטעמע פון „פראטעזשנאל קאנגרעס רייטס".

9. צו ארטיקעל 4 זאל צוגעזעצט ווערען פאלגענדער יעדער בר. מוז מיטען ניט ווייניגער ווי איין מאל א מאנאט.

10. א) יעדער פארגעשלאגענער קאנדידאט, וועלכער נעהמט ארויס א טויזענד דאלער פאליסי, מוז איינצאהלען דעם ערשטען קווארטאל פאר'ן מארטשוערי פאנד.

ב) מעמבערס, וועלכע טראנספערירען זייערע אינ־שורענס צו טויזענד דאלער, מוזען צוצאהלען דעם אונטערשיעד צום מארטשוערי פאנד.

11. אין דעם ארטיקעל 6, פונקט 9, וואס לעזט זיך: די סומע, ווי פיעל א מעמבער זאל צאהלען א קווארטאל, א מאנאט אדער א יאהר אלס דיום פאר די פארשיעדענע בענעפיטס, זאל צוגעזעצט ווערען די ווערטער: אויסער טויטען בענעפיט.

12. ארטיקעל 9, פונקט 5, זאל זיך לעזען: ווען דער קאנסאמפטיוו מעמבער געהט אריין אין דעם סאניטאריום אויפ־געהאלטען ביים א. ר., דארף די 200 דאלער אריינגעהן אין דעם סאניטאריום אויפהאלטונגס־פאנד.

13. צום ארטיקעל 7, פונקט 1 (א) וואס לעזט זיך: פון די איינס פראצענט פון די אינשורענס וואס יעדער מיטגליעד צאהלט איין אלס איינטריטס געלד ביים ווערען א מיטגליעד, זאל צוגעזעצט ווערען, אויסער טויטען בענעפיט.

14. צו העכערען די צאהלונגען פאר דעם אדמיניסטריי־שאן פאנד אויף 4 סענט פער מעמבער, א קווארטאל.

15. מיטגלידער פון 3טען קלאס זאלען צאהלען צום אד־מיניסטריישאן פאנד 8 סענט פער קווארטאל, אנשטאט 6 ווי ביז יעצט.

16. אפשאפען דעם פונקט פון דער לעצטער קאנווענשאן רעפערענדום, וואו עס לעזט זיך: אז פאר נאציאנאלע בעאמטע אדער דעלעגאטען צו דער קאנווענשאן, מוז געשטימט ווערען דורך אינדיווידועלע באלאטס.

17. צו ארטיקעל 11, פונקט 4, זאל צוגעשטעלט ווערען: אויב די אויסטייטשונג פון דער ג. ב. א. ד., נעגען די ענטשיי־דונג פון א פארוואלטענדער קאמיטע, פאראורזאכט אז א מעמ־בער זאל אויסגעשלאסען ווערען פון א. ר., בלייבט דאס רעכט פון דער נאצ. עקז. צו ברענגען די פראגע צו דער קומענדער קאנווענשאן, און דער מעמבער זאל ביז דער ענטשיידונג פון דער קאנווענשאן ניט קענען אויסגעשלאסען ווערען פון א. ר.

18. ווען א נייער בר. גרינדעט זיך, קען 1 קאנדידאט פון יעדע 15 אריינגענומען ווערען פון 45 ביז 50 יאהר אלט.

19. נייע מעמבערס אין עלטער פון 45 ביז 50 יאהר, זאלען צאהלען פאר'ן קראנקען פאנד לויט א ספעציעל בא־שטימטע טאבעלע, אויסגעארבייט פון אונזער עקטשוערי.

דיזע אלע פונקטען ווערען אנגענומען און געהן צום רע־פערענדום, מיט דער אויסנאם פון די פונקטען 1, 2, 3, 6, 11, 12, 18.

די פארוו. קאמ. רעקאמענדירט אויף פאלגענדע רעזאלוציאן:

די קאנווענשאן דריקט אויס איהר וואונש אז די נאצ. עקז. קאמ. זאל אין דער צוקונפט זיך מעהרער באנוצען מיט די מיט־גלידער פון דער נאצ. באארד און דירעקטארס, פאר ארגאניזא־ציאנס ארבייט אין זייערע סטייטס.

דיזע רעזאלוציאן ווערט איינשטימיג אנגענומען.

נאכדעם ווי פר. באקסט ווערט ערוועהלט אלס טשערמאן פאר די נעקסטע זיצונג, ווערט די 9טע זיצונג געשלאסען.

## צעהנטע זיצונג, שבת, 10 אוהר פריה.

טשערמאן פר. באקסט, נויארק; וויים־טש. געווים, נוארק.

### סאניטאריום קאמיטע באריכטעט.

פר. קופערמאן, סעקרעטער, און עבערעל, טשערמאן און באריכט־אפגעבער.

1. צו העכערען די צאהלונגען פאר דעם אויפהאלטונגס־פאנד אויף 5 סענט פון מעמבער פער קווארטאל.

2. פרויען פון מיטגליעדער און אויך קינדער פון מיט־גלידער פון 16 ביז 20 יאהר זאלען קענען אריינגענומען ווערען אלס באצאהלטע פאציענטען אין סאניטאריום, פאר ניט מעהר ווי 9 מאנאטען.

3. עס בלייבט דאס רעכט פון דער סאניטאריום קאמ. צו באשטימען וויפיעל אנא פאציענט זאל צאהלען וועכענטליך, און די סאניט. קאמ. זאל רעכענען בלויז פאר טייבעל און אנ־דערע קליינע אויסגאבען, וועלכע דער פאציענט קאסט.

4. פאר דיזע פאציענטען מוז איינגעצאהלט ווערען פאר 4 וואכען אין פאראויס. דער בר. דארף אויך שריפטליך נט זא־גען אז ער איז פאראנטוואָרטליך פאר דער גאנצער צייט וואס דער באצאהלטער פאציענט וועט זיין אין סאניטאריום, און דער בר. זאל ניט קענען צוריקציהען זיין גאראנטיע כל זמן דער פאציענט געפינט זיך אין סאניטאריום.

5. א נייע איינצאהלונג זאל געמאכט ווערען מיט א טעג פריהער, איידער עס ענדיגט זיך דער טערמין פאר וועלכען עס איז איינגעצאהלט געווארען.

6. אין פאל א באצאהלטער פאציענט צייגט זיך ארויס צו זיין ניט פאסענד פאר אונזער סאניטאריום, דארף דער בר. זיך פארפליכטען דעם פאציענט ארויסצונעהמען, ווען עס ווערט באשטימט פון אונזערע דאקטורים צוזאמען מיט דער סאנ. קאמ.

7. יעדער פאציענט מוז נאכקומען די רולס און רעגולײ־שאנס פון דער מעדיקאל אדוויזערי באארד און סאנ. קאמ.

8. א פאציענט האט ניט קיין רעכט צו פארלאזען דעם סאניטאריום אהן דער צושטימונג פון די דאקטוירים און סאנ. קאמיטע.

9. פאר ניט אויספאלגען דיזע רולס און רעגולײשאנס, זאל דער פאציענט אויסגעשלאסען ווערען פון סאניטאריום.

10. יעדער אויסגעשלאסענער פאציענט האט דאס רעכט צו אפעלירען צו דער סאנ. קאמ. און צו דער נאצ. עקז. קאמ., פאר זיין רעאינסטייטעט אין סאניטאריום, און די ענטשיידונג פון דער נאצ. עקז. קאמ. זאל זיין בינדענד.

11. די סאנ. קאמ. ווערט אינסטרואירט, צו שטודירען פלענער וועגען באשאפען ארבייט־פלעצער פאר די פאציענטען אין סאניטאריום, און אריינברינגען א באריכט צו דער נעקס־טער קאנווענשאן.

אלע פונקטען ווערען גוט געהייסען.

די פונקטען 1, 2, 4, 5, 6, נעהען צו רעפערענדום אב־שטימונג.

### בענעפיט קאמיטע באריכטעט.

האכמאן, סעקרעטער, און אלטמאן, טשערמאן און באריכט אפגעבער.

1. וועגען העכערען דעם קראנקען בענעפיט, ברייננט די קאמיטע אריין א מאיאריטעט און א מינאריטעט באריכט. די מאיאריטעט איז, פאר העכערען דעם קראנקען בענעפיט פון 6 דאל. אויף 9 דאל. די מינאריטעט איז געגען. נאך א קורצער דעבאטע ווערט באשלאסען, דאס איבערצוגעבען צו דער נעקס־טער פארוואלטונג, וועלכע זאל וועגען דעם ברייננען א רעקא־מענדיישאן צו דער נעקסטער קאנווענשאן.

2. מעמבערס, וועלכע ווערען קראנק אויף קאנסאמפשאן איידער זיי זיינען 6 מאנאטען אין א. ר., זאלען זיין בארעכ־טיגט צו קאנסאמפשאן בענעפיט נאכדעם ווי זיי וועלען זיין פולע 6 מאנאטען אין א. ר.

דיזע רעקאמענדיישאן ווערט אנגענומען און געהט צום רעפערענדום.

3. די קאנווענשאן דריקט אויס איהר פארלאנג, דאס אין די גרעסערע צענטערן, וואו עס איז נאר מעגליך, זאל איינ־געפיהרט ווערען די סיסטעמע פון דיסטריקט דאקטוירים אויף

דעם זעלבען אופן ווי דער נויארקער דיסטריקט מעדיקאל דע־פארטמענט.

רעקאמענדיישאן אנגענומען.

## קאנווענשאן קאמיטע באריכטעט.

אשינסקי, טשערמאן און באריכט געגעבער; גאלדפיין, סעקרעטער. זיי רעקאמענדירען אז:

1. הארטפארד און פראוויטענס זאלען זיין אויף דעם רעפערענדום פון דער נעקסטער קאנווענשאן.

אויב דער א. ר. וועט אבער דיזען יאהר ווערען געזעצליך אין מאסס. זאל די קאנווענשאן געהאלטען ווערען אין באסטאן.

פאר באסטאן, איז ביי דער קאמיטע דא א מאיאריטעט און מינאריטעט רעפארט פאר א גרויסע קאנווענשאן. די מאיאריטעט איז פאר א קליינע קאנווענשאן, און די מינאריטעט פאר א גרויסע.

פונקט 1 ווערט אמענדירט, און עס ווערט באשלאסען:

אז אויפ׳ן רעפערענדום זאלען נעהן די פאלגענדע שטעדט: פראווידענס און א שטאדט אין קענעדע. עס ווערט פארשטאנען אז די עקז. זאל האבען דאס רעכט צו באשטימען, אין וועלכער שטאדט אין קענעדע די קאנווענשאן זאל געהאלטען ווערען.

פונקט צוויי ווערט אנגענומען ווי רעקאמענדירט. און עס ווערט באשלאסען אז די נעקסטע קאנווענשאן זאל אין יעדען פאל זיין א קליינע.

## ארגאניזאציאנס קאמיטע.

קרינסקי, טשערמאן און באריכט אפגעבער, און קירשטיין ראטשעסטער, סעקרעטער, רעקאמענדירען:

1. אז די נעקסטע ארגאניזאציאנס קאמיטע זאל אנפיהרען א קאמפיין פאר נייע מעמבערס. ספעציעל פאר פרויען מעמבערס, און אויך פאר 2טע קלאס מעמבערס.

מים קעסעל, פון וואטערבורי, דריקט אוים איהר פארלאנג, כ׳זאל אויך זיין פרויען ארגאניזערינס.

2. די צאהלונגען פאר ארגאניזאציאנס פאנד זאל פארבלייבען ווי ביז יעצט, 4 סענט פער מעמבער איין קווארטאל.

3. ביי די נאמינייטאן קאנפערענץ פאר דיסטריקט און סיטי קאמיטעס און נאציאנאלע באארד און דירעקטארס, זאלען די מעמבערס האבען די זעלבע פארטרעטערשאפט ווי ביי די קאנפערענצען צו נאמינירען דעלעגאטען צום קאנווענשאן.

4. די נאציאנאלע ארגאניזאציאנס קאמ. זאל האבען איין רעכט צו באשטימען פון וויפיעל און ווי אזוי זאל עדוקירט ווערען איין דיסטריקט קאמ.

5. ועגען ארגאניזאציאנס ארבייט אין בעצוג צום קאנטרי, רעקאמענדירען מיר, אז עס זאל זיין ווי לעצטען יאהר. די עקזעק. זאל האבען איין רעכט צו מאכען טורס אין קאנטרי אויב זיי וועלען געפינען פאר נויטיג.

אלע רעקאמענדיישאנס ווערען אנגענומען. די פונקטען 2 און 3 נעהען צום רעפערענדום.

## עלעקשאן קאמיטע.

ערעלסאן, טשערמאן און באריכט אפגעבער, און כאדאש, שיקאגא, סעקרעטער, באריכטען:

עס זיינען צו אונז איבערגעגעבען געווארען אלע רעפערענדום באלאטס, 5 פון זיי זיינען אריין נאך דעם 1טען מאי. אלע זיינען געצעהלט געווארען און די רעזולטאטען זיינען פאלגענדע:

## ארגאניזאציאנס קאמיטע.

| | | |
|---|---|---|
| ל. דינערשטיין, ברענטש 99 — — — — — — | 5877 | שטימען |
| פ. יודיטש, ברענטש 75 — — — — — — — | 4742 | " |
| ה. זאלצמאן, ברענטש 286 — — — — — | 3357 | " |
| ב. קרינסקי, ברענטש 231 — — — — — — | 3239 | " |
| ע. עבעריל, ברענטש 346 — — — — — — | 2850 | " |
| ס. וואלאס, ברענטש 75 — — — — — — | 2576 | " |
| ב. לעווישאן, ברענטש 96 — — — — — — | 2550 | " |
| ב. וואולף, ברענטש 11 — — — — — — | 2226 | " |
| נ. כאנין, ברענטש 99 — — — — — — — | 1903 | " |
| י. גרינשפאן, ברענטש 507 — — — — — | 1764 | " |

(די ערשטע פינף ערוועלט)

## סאניטאריום קאמיטע.

| | | |
|---|---|---|
| פ. וואלבערג, ברענטש 82 — — — — — — | 5145 | שטימען |
| י. אלפערט, ברענטש 23 — — — — — — | 4495 | " |
| נ. נעכאמקין, ברענטש 500 — — — — — | 4427 | " |
| מ. שפינראד, ברענטש 235 — — — — — | 3482 | " |
| ב. פרישוואסער, ברענטש 49 — — — — — | 2943 | " |
| ס. סיקווערבערג, ברענטש 87 — — — — — | 2698 | " |
| י. קלופט, ברענטש 130 — — — — — — | 2426 | " |
| י. קופערמאן, ברענטש 72 — — — — — — | 2246 | " |
| מ. מעהלמאן, ברענטש 20 — — — — — — | 1158 | " |
| י. פילאט, ברענטש 1 — — — — — — — | 1030 | " |

(די ערשטע פינף ערוועהלט)

## צפים קאמיטע.

| | | |
|---|---|---|
| י. ישורין, ברענטש 200 — — — — — — | 5955 | שטימען |
| י. מ. ראזענבלאט, ברענטש 539 — — — — | 4677 | " |
| מ. אייבראמס, ברענטש 43 — — — — — | 3952 | " |
| נ. ליטאוער, ברענטש 335 — — — — — | 2890 | " |
| א. מאגדעל, ברענטש 225 — — — — — | 2746 | " |
| ס. זוסמאן, ברענטש 3 — — — — — — — | 2532 | " |
| ה. מענין, ברענטש 80 — — — — — — — | 1996 | " |
| ס. קאהען, ברענטש 357 — — — — — — | 1657 | " |
| ב. נאוויוב, ברענטש 99 — — — — — — | 1572 | " |
| פ. בראמבערג, ברענטש 36 — — — — — | 1486 | " |

(די ערשטע פינף ערוועהלט)

## בענעפיט קאמיטע.

| | | |
|---|---|---|
| ס. יאקאבי, ברענטש 93 — — — — — — | 4367 | שטימען |
| ל. ביילין, ברענטש 99 — — — — — — | 3774 | " |
| ז. שפייער, ברענטש 75 — — — — — — | 3581 | " |
| ס. הייפערלינג, ברענטש 439 — — — — — | 3353 | " |
| ס. מאלאט, ברענטש 183 — — — — — — | 3278 | " |
| ר. אלפערין, ברענטש 36 — — — — — — | 3196 | " |
| י. מאלקין, ברענטש 147 — — — — — — | 2531 | " |
| ה. קליינמאן, ברענטש 42 — — — — — | 1771 | " |
| מ. פרידמאן, ברענטש 28 — — — — — — | 1700 | " |
| מ. סינעמאן, ברענטש 1 — — — — — — | 1592 | " |

(די ערשטע פינף ערוועהלט)

## גריוועגס קאמיטע.

| | | |
|---|---|---|
| וו. הערמאן, ברענטש 233 — — — — — — | 4398 | שטימען |
| ל. אלטמאן, ברענטש 455 — — — — — | 4307 | " |
| מ. העסקעל, ברענטש 49 — — — — — — | 3716 | " |
| ב. בורגין, ברענטש 4 — — — — — — — | 3310 | " |
| ב. קראפקין, ברענטש 235 — — — — — | 3148 | " |
| מ. פערלשטיין, ברענטש 206 — — — — — | 3052 | " |
| ב. מילער. ברענטש 149 — — — — — — | 2028 | " |
| א. יאפע, ברענטש 43 — — — — — — — | 1635 | " |
| ז. קאפלאן, ברענטש 43 — — — — — — | 1545 | " |
| י. מאגיד, ברענטש 96 — — — — — — — | 1349 | " |

(די ערשטע פינף ערוועהלט)

## עדיוקיישאנאל קאמיטע.

| | | |
|---|---|---|
| א. ליעסין, ברענטש 75 — — — — — — | 6081 | שטימען |
| א. ש. זאקס, ברענטש 198 — — — — — | 5995 | " |
| נ. פיינערמאן, ברענטש 165 — — — — — | 5167 | " |
| פריינד — פראטאקאלען — 19 | | |
| מ. גורעוויטש, ברענטש 33 — — — — — | 4992 | " |
| ס. בערנשטיין, ברענטש 149 — — — — — | 2810 | " |
| ל. גאלינסקי, ברענטש 146 — — — — — | 2603 | " |
| מ. וויינשטיין, ברענטש 280 — — — — — | 1761 | " |
| ל. חראגונסקי, ברענטש 352 — — — — — | 1605 | " |
| א. בערנשטיין, ברענטש 68 — — — — — | 1149 | " |
| א. פיקוס, ברענטש 206 — — — — — — | 711 | " |

(די ערשטע פינף זיינען ערוועהלט)

דער טשערמאן ערקלערט די 30 קאנדידאטען וואס האבען נעקראגען די גרעסטע צאהל שטימען, אלס די נעקסטע עקז. קאמ. פון א. ר.

## באריכט פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע.

נ. פיינערמאן, טשערמאן און באריכט אפגעבער, ראזענפעלד, סעק.

1. די 20טע יעהרליכע קאנווענשאן פון א. ר. באאויפטראגט די עדיוקיישאנאל קאמיטע, סיסטעמאטיש צו ארגאנזשירען לעקטשור טורס איבער׳ן לאנד, און ספעציעלע אויפמערקזאמקייט זאל געשאנקען ווערען צו די וויימערע קלענערע שטעדט פון לאנד.

2. די עדיוקיישאנאל קאמיטע וועט בעאויפטראגט צו שטיצען, און העלפען ארגאניזירען ליטעראַרישע, דראמאטישע און מוזיקאלישע פאראיינען, וועלכע ווערען ארגאניזירט פון א. ר.

3. די עדיוקיישאנאל קאמ. ווערט בעאויפטראגט פארצו־זעצען איהר ארבייט, ארויסצוגעבען פאפולאר־וויסענשאפטליכע און אנדערע ביכער, וואס זאלען אמבעסטען דינען דער ער־ציהונג און בילדונג פון די ארבייטער רינג מעמבערס.

4. די 20טע יעהרליכע קאנווענשאן בעאויפטראגט די עדיוקיישאנאל קאמיטע צו ארגאניזירען אין אלע מעגליכע צענ־טערס פון לאנד וואו נאר די עדיוקיישאנאל קאמיטע וועט דאס געפונען פאר פאסענד און נויטיג, סיטי אדער דיסטריקט קא־מיטעס, וועמעס אויפגאבע זאל זיין צו העלפען דער עדיוקיי־שאנאל קאמיטע אין איהר ארבייט.

5. די סיטי אדער דיסטריקט עדיוק. קאמ. ווערען ערוועלט ביי יעהרליכע קאנפערענצען פון ברענטשעס פון די באטרע־פענדע דיסטריקטען אדער טעריטאריען, איינבארופען דורך דער עדיוקיישאנאל קאמיטע.

6. די מיטגלידער פון דער סיטי אדער דיסטריקט עדיו־קיישאנאל קאמיטע, ווערען ערוועלט אויף איין יאהר.

7. רופען האלב יעהרליכע קאנפערענצען אין די באטרע־פענדע טעריטאריען צו רעפארטען פון זייער טעטיגקייט.

8. די סיטי אדער דיסטריקט עדיוקיישאנאל קאמיטעס, שטעהען אונטער דער אויפזיכט און ארבייטען לויט די אינ־סטרוקציעס פון דער נאציאנאלער עדיוקיישאנאל קאמיטע.

דער בודושעט פאר עדיוקיישאנאל ארבייט זאל זיין, ווי לעצטען יאהר נעמליך: 3 סענט א קווארטאל פון יעדען מעמבער.

### וועגען „פריינד".

דער בודושעט פאר'ן „פריינד" זאל זיין 13 סענט א קווארטאל פון יעדען מעמבער.

דער „פריינד" זאל שענקען מעהר אויפמערקזאמקייט צו די א. ר. קאאפעראטיווע באוועגונגען איבער'ן לאנד, און אמווי־ניגסטענס איין מאל אין 3 מאנאטען זאל זיין אין „פריינד" א ספעציעלע אפטיילונג, געווידמעט די אינטערעסען פון די קא־אפעראטיווע באוועגונג.

דער נאמען פון אלע שולען זאל זיין: „אידישע ארבייטער רינג שול". עס זאל אבער אויך ערלויבט זיין צו האבען א ביינא־מען, ווי „אידישע סאציאליסטישע א. ר. שול"; „אידישע י. ל. פרץ א. ר. שול" א. ד. גל.

### דער ציעל פון דער ארבייטער רינג שול איז:

1. צובינדען דאס אידישע ארבייטער־קינד צום אידישען ארבייטער־קלאס, און צוגרייטען איהם פארצוזעצען דעם קאמף פון זיינע עלטערן פאר א בעסערער צוקונפט;

2. ענטוויקלען ביים קינד די געפיהלען פון יושר, פון ליעבע צו אונטערדריקטע, פון ליעבע צו פרייהייט און פון אכ־טונג צו די קעמפער פאר פרייהייט;

3. ענטוויקלען ביים קינד דאס געפיהל פון שעהנקייט;

4. ענטוויקלען ביים קינד דעם הויכען אידעאליזם און די שטרעבונג צו גרויסע מעשים, וועלכע זייענען נויטיג פאר יעדען קינד פון'ם אונטערדריקטען קלאס, אויף זיין וויטערדיגען לע־בענס־וועג צו א בעסערער ארדנונג.

### פארוואלטונג.

1. די פארוואלטונג פון יעדער שול זאל ערוועלט ווערען פון'ם א. ר. ברענטש, אדער פון א ספעציעלער קאנפערענץ פון די א. ר. ברענטשעס פון דער שטאדט, אדער געגענד פון שטאדט, וואו די שול געפינט זיך.

2. אין א שטאדט אדער אין א געגענד פון א שטאדט, וואו עס עקזיסטירען מעהר ווי איין שול, זאל ערוועלט ווערען א גע־מיינשאפטליכע פארוואלטונג פון די אלע שולען, אויף א קאנ־פערענץ פון אלע א. ר. ברענטשעס פון דער באשטימטער געגענד אדער שטאדט.

3. די פארוואלטונג פון יעדער שול זאל צוזאמענשטעלען א פעדאגאגען ראט פון לעהרער און טוער פון דער שול, וואס זאל אויפפאסען, אז אין שול זאל דורכגעפיהרט ווערען די באַ־שטימטע פראגראם, זאל באטראכטען סכסוכים צווישען די לעה־רער און דער פארוואלטונג, זאל באשליסען אין די פאלען פון אויסשליסען א קינד, א. ד. ג. די פארוואלטונג קען צוציהען אין דעם פעדאגאגען ראט, אויך זיימיגע קאמפעטענטע פערזאנען, מיט בעראטונגס רעכט.

4. אין א שטאדט, וואו עס איז פאראן מעהר ווי איין שול־פארוואלטונג, זאל צוזאמענגעשטעלט ווערען א פאראייניג־טע שול־קאמיסיע (פארוואלטונגס־ראט) פון פארטרעטער פון די לעהרער און פון די פארוואלטונגען פון יעדער שול.

די קאמיסיע פארהאנדעלט:

1. פראגען וואס האבען א שייכות צו מעהר ווי איין שול.
2. רעקאמענדירט אנגעשטעלטע פאר די שולען.
3. און פארהאנדעלט אלע אנדערע פראגען וועלכע האבען א שייכות צו דער פעדאגאגישער זייט פון דער שול. עס בלייבט דאס רעכט פון יעדער שול פארוואלטונג גוט צו הייסען אדער צוריקווייזען די רעקאמענדאציע פון דער געמיינשאפטליכער קאמיטע.

יעדער נייער לעהרער פאר אן א. ר. שול מוז גוטגעהייסען ווערען פון דער נאצ. עדיוק. קאמיטע, איידער ער ווערט אנגע־שטעלט אין א שול.

די עדיוק. קאמ. א. ר. האט אויך א רעכט צו פאדערען אפצוזאגען א לעהרער פון א שול, ווען זי געפינט, אז ער פיהרט ניט דורך די פראגראם פון די א. ר. שול אדער ער אונטערריכט ניט אינ'ם גייסט פון די א. ר. שולען.

די עדיוקיישאנלא קאמיטע זאל האבען דאס רעכט פון צייט צו צייט ארויסשיקען א מענשען איבער'ן לאנד צו קאנטרא־לירען די שולען אויף וויפיעל זיי פיהרען דורך די פראגראם פון די א. ר. שולען און אנדערע באשליסע פון דעם שולען צוזאמענפאהר, עדיוק. קאמיטע און קאנווענשאנס.

### שול־באריכטען.

יעדע שול איז פארפליכטעט צוצושטעלען דער עדיוק. קאמ. אין אנהויב פון יעדען מאנאט א באריכט פונ'ם צושטאנד פון דער שול פאר דעם פארגאנגענעם מאנאט לויט א געוויסען איינהייטליכען מוסטער.

איין מאל אין 6 מאנאטען צום 1טען יולי און צום 1טען יאנואר דארף יעדע שול אויסערדעם צושיקען דער עדיוק. קאמ. א גענויעם באריכט פון איהר טעטיגקייט פאר דער צייט.

### ימים טובים אין דער א. ר. שול.

די קאנווענשאן רעקאמענדירט, אז אין די א. ר. שולען זאלען געפייערט ווערען פאלגענדע ימים־טובים:

1. פסח — אלס באפרייאונגס יום־טוב פונ'ם אידישען פאלק.
2. דער ערשטער מאי — אלס יום־טוב פון ארבייטער ברידערליכקייט און פון אויסדרוק פונ'ם אידעאל פון אלעוועלט־ליכען שלום.
3. דער 4טער יולי — אלס יום־טוב פון באפרייאונג פון אמעריקא.
4. חנוכה — אלס יום־טוב פון קאמף און באפרייאונג פון גריכישען יאך.
5. 12טען פעברואר — לינקאלן'ס געבורטס־טאג — אלס יום־טוב פון באפרייאונג פון די נעגערס.
6. 18טען מארטש — אלס יום־טוב פון קאמף פון אר־בייטער פאר זייער באפרייאונג.
7. פורים — אלס שעהנער קינדערשער יום־טוב פון שיקען שלח־מנות, פון געהן פארשטעלט א. ד. ג.
8. דער יום־טוב פון דער רוסישער רעוואלוציע.

### קינדער־זשורנאל.

די קאנווענשאן אנערקענט, אז כדי צו באפרידיגען די גייסטיגע באדערפעניש און נויט פון די קינדער אין גוטען און צוגענגליכען לעזע מאטעריאל, איז אומבאדינגט נויטיג צו האַ־בען א גוטען קינדער־זשורנאל, וואס זאל אנטשפרעכען דעם גייסט פון די א. ר. שולען און הערגענצען זייער דערציהערישע ארבייט.

זי בעאויפטראגט די עדיוקיישאנאל קאמ. אזא קינדער זשורנאל ארויסצוגעבען און באשטימען דעם פרייז פון א קאפי אזוי אז קיין דעפיציט פאר דעם זשורנאל זאל ניט זיין.

### לעהר־ביכער.

די קאנווענשאן בעאויפטראגט די עדיוקיישאנאל קאמ. צוזאמענצושטעלען א קאמיטע וועלכע זאל איבערקוקען די אלע לעהר־ביכער פאר קינדער שולען וואס ווערען צו איהר צוגעשטעלט ווערען, און העלפען ארויסצוגעבען די פון זיי, וואס די קאמיסיע מיט דער עדיוקיישאנאל קאמ. וועלען געפינען פאר די פאסינגסטע פאר די א. ר. שולען.

### לעהרער קורסען.

די קאנווענשאן, אנערקענענדיג די נויטווענדיגקייט פון צו גרייטען גוטע און פאסיגע לעהרער פאר די ארבייטער רינג

שולען, רעקאמענדירט די עדיוס. קאמ. ווידער צו עפענען לעהרער קורסען אויף אויסבילדען לעהרער פאר די א. ר. שולען.

נעמענדיג אבער אין אנבעטראכט אז דריי מאנאטליכע קורסען, זיינען ווייט ניט גענוגענד אויף צוצוגרייטען מענשען צו ווערען לעהרער אין די שולען, רעקאמענדירט די קאנווענשאן אז די קורסען זאלען זיין לענגערע, אום זיי זאלען זיין גענוגענד צוצוגרייטען פאסיגע לעהרער פאר די שולען.

## לערער־ביורא.

די קאנווענשאן רעקאמענדירט דער עדיוס. קאמ. צו גרינדען א אינפארמאציאנס ביורא, וואס זאל קאנען אויסטרצען די מעגליכע קאנדידאטען פאר לעהרער־שולעס סיי אין ניו יארק און באזאנדערס אויף דער פראווינץ.

## שולען־צוזאמענפאר.

יעדעס יאהר אין דער וואך פון דער א. ר. קאנווענשאן, זאל פארקומען א צוזאמענפאהר פון אלע א. ר. שולען.

דער צוזאמענפאהר באטראכט פארשידענע פראגען אין פארבינדונג מיט די שולען, ווי מעטאדען, ארטאגראפיע, פארם פון פארוואלטונג, אויפהאלטונג א. א. וו. אלע באשליסע פון די צוזאמענפאהרען הארפען אבער גוטגעהייסען ווערען פון דער עדיוקיישאנאל קאמ. איידער זיי געהן אריין אין קראפט.

## שול־טעקס.

נעמענדיג אין אנבעטראכט, אז די באוועגונג פון די א. ר. שולען איבער'ן לאנד צעוואקסט זיך און אז איטער די 30 שולען, וואס עקזיסטירען איצט, קאנען אין משך פון דעם נעכסטען יאהר נעגרינדעט ווערען ווייניגסטענס נאך אמאל אזוי פיעל, און זיי וועלען זיך נויטיגען אין שטיצע ביים עפענען זיך און אין דער ערשטער צייט פון זייער עקזיסטענץ און אז מיט דעם וואוקס פון די שולען פארגרעסערען זיך זייערע באדערפענישען; פארשידענע קינדער און לעהרער ליטעראטור און אנדערע שול כשירים, און עס וואקסט די נויט אין לעהרער קורסען אויף א ברייטער'ען מאסשטאב און עס ווערט ברייטער די טעטיגקייט פון ארגאניזירען און קאנטראלירען די שולען — און דאס אלץ פאדערט פיעל גרעסערע אויסגאבען, רעקאמענדירט די קאמ. אז דער טעקס פאר די שולען זאל זיין 8 סענט.

די קאנווענשאן באשטימט, אז די ארבייט אויף'ן געביט פון ערציהונג פון די קינדער פון די א. ר. מיטגלידער אין'ם גייסט פון די אידעאלען פון די אידישע ארבייטער, איז זעהר א וויכטיגער טייל פון טעטיגקייט פון א. ר. און פאדערט אויף די ברענטשעס פון א. ר. צו שענקען דער טעטיגקייט וואס מער אויפמערקזאמקייט.

פר. קלופט מאכט אן אנפראגע צו קענען ענגלישע קינדער שולען געשטיצט ווערען פון דעם זעלבען פאנד און אויף דעם זעלבען אופן.

דער טשערמאן ענטפערט דאס אויב נאר זיי וועלען האבען דיזעלבע פראגראם, וועלען זיי זיכער געשטיצט ווערען אין דער זעלבער מאס ווי די אידישע.

אלע רעקאמענדיישאנס ווערען דערנאך אנגענומען.

רעזאלוציאנס קאמיטע דורך פר. יודיטש רעקאמענדירט פאלגענדע רעזאלוציאנען :

## רעזאלוציע נומער 1

### וועגען די אויסגעשלאסענע סאציאליסטישע אסעמבליליים.

די 20טע קאנווענשאן פון א. ר. דריקט אוים איהר ענטריסטונג געגען דער גוואלדטהאט פון דער נויארקער אסעמבלי, מיט דער אויסשליסונג פון די 5 סאציאליסטישע פארטרעטער, וועלכע זיינען לויט אלע וואהלגעזעצען ערוועהלט געווארען דורך דעם פרייען ווילען פון די פאלקסמאסען אין זייערע דיסטריקטען.

מיר באטראכטען דיזען אקט אלס אן אטאקע אויף די עלעמענטארע פרייהייטען און רעכט פון די בירגער, וועלכע זייגען דורך דעם בארויבט געווארען פון זייער פארטרעטערשאפט און פון זייער ווארט אין דער נויארקער געזעצגעבונג.

די קאנווענשאן פראטעסטירט אויך גלייכצייטיג געגען דעם ווייטערען פארזוך פון די נויארקער געזעצגעבענדע הייזער, וועלכער ציעלט אויסצושליסען גאר די פאליטישע רעכטע פון דער סאציאליסטישער פארטיי, און צו בארויבען אויף ווייטער נאך א גרעסערע צאהל בירגער פון שטאט פון דער פרייהייט וועלכע איז צו זיי גאראנטירט דורך דער אמעריקאנער קאנסטיטושאן.

## רעזאלוציע נומער 2

### נעגען די לוסק־געזעצען.

די 20טע קאנווענשאן פון ארבייטער רינג, געהאלטען אין נוארק, ניו דזשוירזי, אין מאנאט מאי 1920, דריקט אוים איהר ענערגישען פראטעסט געגען די לוסק־געזעצען, וועלכע ציעלען צו אונטערדריקען די פרייהייט פון אונטערריכט אין בילדונג אין שטאט ניו יארק, און וואס שטעלט אין סכנה די אלע ארבייטער אינסטיטוציעס, וואס פארשפרייטען דעם באוואוסטזיין און די נויטיגע בילדונג צווישען די מאסען.

די קאנווענשאן פראטעסטירט אויך געגען דער אונטערדריקונג פון די אזוי־גערופענע פרעמדע שפראכען אין נויארק ווי אין אנדערע שטאטען פון לאנד, מיט דעם, וואס מען ערלויבט ניט צו באנוצען די פובליק סקוהלס און אנדערע עפענטליכע געביידעס, פאר פארזאמלונגען, לעקציעס און דאס גלייכען אויף אידיש און אנדערע שפראכען אויסער ענגליש.

זיי עס אויך באשלאסען, אז א קאפיע פון דיזער רעזאלוציע זאל גלייך איבערגעשיקט ווערען צום גאווערנאר סמיטה פון שטאט ניו־יארק.

## רעזאלוציע נומער 3

### וועגען א דעלעגאציע צו דער הירינג פאר גאווערנאר סמיטה.

אין אנבעטראכט, אז, לויט די מעלדונגען אין די צייטונגען, וועט פאר דעם נויארקער גאווערנאר איינגיכען אפגעהאלטען ווערען א „הירינג“ וועגען די לוסק געזעצען, אין שייכות צו פרייער בילדונג און וועגען די געזעצען אין פארבינדונג מיט די פאליטישע רעכטע פון דער סאציאליסטישער פארטיי, דריקט אוים די קאנווענשאן איהר וואונש, אז די נאציאנאלע עקזעקוטיוו קאמיטע זאל צו דער דערמאנטער „הירינג“ אויך שיקען פארטרעטער, אין דעם נאמען פון „ארבייטער רינג“.

## רעזאלוציע נומער 4

### וועגען אמנעסטיע.

די 20טע קאנווענשאן פון ארב. רינג דריקט אוים איהר טיעפסטע סימפאטיע מיט דער אמנעסטיע באוועגונג, צו באפרייען די פאליטישע און אינדוסטריעלע געפאנגענע און פאדערט אויף אלע מיטגליעדער פון ארב. רינג צו געבען דער דאזיגער באוועגונג יעדע מעגליכע שטיצע און הילף. די קאנווענשאן דריקט דעריבער אוים איהר גרעסטע סימפאטיע און איבערגעבענהייט צו דעם גרויסען סאציאליסטישען ארבייטער פיהרער און קעמפפער יודזשין וויקטאר דעבס און צו אלע אנדערע פרייהייטס קעמפפער, וועלכע שמאכטען אין די געפענגניסען פון אמעריקא.

## רעזאלוציע נומער 5

### וועגען רעליעף.

די 20טע קאנווענשאן פון א. ר. אונטערשרייבט אויך דיזעס מאל אז די הילפס־ארבייט פאר די מלחמה און פאגראם קרבנות אין דיזען מאמענט מוז בעטראכט ווערען אלס איינע פון די וויכטיגסטע אויפגאבען פון יעדער אידישער ארגאניזאציע. די קאנווענשאן פאדערט דארום אויף אלע מיטגלידער און ברענטשעס פון דעם א. ר. אז זיי זאלען אויף ווייטער נאך מיט מעהר ענערגיע ווי ביז איצט העלפען שאפען די נויטיגע פאנדס פאר די אידישע פאלקס־מאסען פון יענער זייט ים, אזוי לאנג, ביז זייער תרוב־געווארענער לעבען וועט צוריק אויפגעבויט ווערען.

## רעזאלוציע נומער 6

### וועגען דער הילפס פארוואלטונג אויף יענער זייט ים.

די 20טע קאנווענשאן פון א. ר. דריקט אוים דעם פארלאנג, אז די פיפעלס רעליעף קאמיטע מיט וועלכער דער א. ר. איז פארבונדען, זאל ווירקען ביי דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע, אז א געוויסער פראצענט פון די געזאמעלטע רעליעף־געלדער, זאל שטענדיג געשיקט ווערען דירעקט צו די אידישע ארבייטער ארגאניזאציעס אין איראפא, כדי די ארבייטער ארגאניזאציעס גופא, זאלען דאס קענען פארנוצען אויף דעם אופן ווי זיי וועלען געפינען פאר נויטיג — פאר דער הילף פון די פאלקס־מאסען. עס איז דער וואונש פון דער קאנווענשאן, אז אין פאל די דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע וועט זיך ענטזאגען צו ערפילען דעם פארלאנג זאל די פיפעלס רעליעף זיך צוריקציהען פון דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע און אנפיהרען א זעלבסטשטענדיגע רעליעף ארבייט, מיט דער הילף פון די פאלקסמאסען דא אין לאנד, פאר דער הילף פון די פאלקס מאסען אויף יענער זייט ים.

## רעזאלוציע נומער 7

### וועגען קאאפעראטיווע אונטערנעהמונגען.

די 20טע קאנווענשאן פון א. ר. באגריסט די ערשיינונג פון א גרעסערער צאהל קאאפעראטיווע אונטערנעהמונגען אויף דער אידישער גאס, וועלכע זיינען כמעט אומעטום געשאפען געווארען — דורך דער איניציאטיווע און מיט דער הילף פון די ברענטשעס פון דעם א. ר. די קאאפעראטיווע באוועגונג איז איינער פון די מיטלען וועלכע קענען העלפען בעפרייען די ארבייטער־מאסען פון קאפיטאליסטישער עקספלואטאציע און די קאנווענשאן דריקט דעריבער אויך אוים דעם וואונש, אז די ברענטשעס פון דעם א. ר., צוזאמען מיט זייערע צענטראלע אפטיילונגען, זאלען אויף ווייטער אנווענדען נאך מעהר פון זייער ענערגיע אויף צו שטיצען און בויען די קאאפעראטיווע באוועגונג.

## רעזאלוציע נומער 8

### וועגען א באשלוס פון רעפערענדום אין 1919.

אין אנבעטראכט, אז דער באשלוס פון רעפערענדום, וואס לויטעט, אז דער מאקסימום רייט פאר מיטגלידער פון 84 [illegible]

העבער זאָל זיין ניט מעהר ווי $1.75 פאַר $400 אינשורענס איז, לויט דער מעלדונג פון אונזער ליגעל אַדוויזער, ניט אין איינקלאַנג מיט די פראָטוירנאַל אינשורענס געזעצען, באַשליסט דאַרום די 20טע קאָנווענשאַן, אַז דיזער באַשלוס זאָל צוריקגעצויגען ווערען.

## רעזאָלוציע נומער 9
### וועגען לייבאָר־לייסעאומס.

די 20טע קאָנווענשאַן פון אַ. ר. באַגריסט די באַוועגונג פאַר אַרבייטער לייסעאומס, וועלכע ווערען וואָס ווייטער אַלץ מעהר געשאַפען אין אַ גרעסערער צאָהל שטעט פון לאַנד. מיר באַטראַכטען די אונטערנעהמונגען אַלס איינע פון די וויכטיגסטע אין איצטיגער צייט, פאַר די נוצען פון די אַרבייטער אָרגאַניזאַציעס. די קאָנווענשאַן אַפּעלירט צו אַלע ברענטשעס פון דעם אַ. ר. אין לאַנד, צו שטיצען מיט אַלע מיטלען וואו נאָר נויטיג, דער אויפבויאונג פון אַזעלכע אַרבייטער אינסטיטוציעס.

## רעזאָלוציע נומער 10
### וועגען נאַטוראַליזאַציע.

די 20טע יעהרליכע קאָנווענשאַן פון אַרבייטער רינג דריקט אויס איהר וואונש, אַז די מעמבערס פון אַ. ר., וועלכע זיינען איינוואוינער פון די פאַראייניגטע שטאַאַטען פון אַמעריקא און קענעדע, זאָלען נאַטוראַליזירט ווערען אַלס בירגער פון די אויבען־דערמאַנטע לענדער.

די קאָנווענשאַן פאָדערט אויך אויף די ברענטשעס פון אַ. ר. צו וועקען דעם אינטערעס פון דער מיטגלידערשאַפט צו ווערען בירגער און דאָס די ברענטשעס זאָלען שטיצען פינאַנציעל און מאָראַליש די עקזיסטירענדע נאַטוראַליזיישאַן אייד ליעג איבער'ן גאַנצען לאַנד.

## רעזאָלוציע נומער 11
### וועגען אימיגראַציע.

די 20טע יעהרליכע קאָנווענשאַן פון אַ. ר. באַטראַכט די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבייטער־לאַגע, וואָס איז געשאַפען געוואָרען צוליעב דער וועלט־מלחמה, פאַר אויסערגעוועהנליך וויכטיג, אַז אַ פאָלשטענדיג פרייע באַוועגונג פון אַרבייטער פון איין לאַנד אין די צווייטע זאָל ניט נאָר אָנגעהאַלטען ווערען, נאָר פאַרברייטערט ווערען צו אַזאַ שטופע, וואו יעדער מענש זאָל קענען פאַרלאַזען און אַריינקומען אין יערען לאַנד צו יעדער צייט. מיר פראָטעסטירען ענערגיש געגען אַלע געזעצען, וואָס באַצוועקען די פאַרשפאַרונג פון די טויערען פון אַמעריקאַ פאַר איינוואַנדערער.

## רעזאָלוציע נומער 12
### וועגען די היברו אימיגראַנט אייד סאָסייעטי.

אין אנבעטראַכט, אַז עס איז נויטיג צו האָבען אַ שטאַרקע קערפערשאַפט, וועלכע זאָל פאַרטיידיגען איינוואַנדערונג בכלל און אידישע איינוואַנדערונג בפרט; אין אנבעטראַכט, אַז די איינוואַנדערונגס־טעטיגקייט, איז צו ערוואַרטען, זאָל זיין נויטיג אַ ברייטערע ווי ווען עס איז פריהער, און אין אנבעטראַכט, אַז דיעזע אַרבייט ווערט אָנגעפיהרט פון דער היברו אימיגראַנט אייד סאָסייעטי, וועלכע טוט די אַרבייט צופרידענשטעלענד, — זיי עס באַשלאָסען, אַז די 20טע קאָנווענשאַן פון אַ. ר. אינדאָרסירט די אַרבייט פון דער „היברו אימיגראַנט אייד סאָסייעטי" און דריקט אויס אַ פאַרלאַנג, אַז אַלע ברענטשעס זאָלען שטיצען דיעזע קערפערשאַפט מאָראַליש און פינאַנציעל.

די קאָנווענשאַן דריקט אויס אַ באַזונדער פאַרלאַנג, אַז די ברענטשעס זאָלען אויך העלפען דער דערמאָנטער סאָסייטי אין דער זאַמלונג פון זייער ספּעציעלען פאָנד, פאַר דער אימיגראַנטען היים וועלכע ווערט פון זיי איצט געבויט און וועלכע איז אָהן ספק נויטיג פאַר די אידישע איינוואַנדערער.

## רעזאָלוציע נומער 13
### וועגען יוניאָן־אַרבייט.

די 20טע יעהרליכע קאָנווענשאַן פון אַ. ר. באַשליסט אויפצופאָדערען אַלע מיטגליעדער פון אַ. ר., אַז זיי זאָלען קויפען פּראָדוקטען און אַרטיקלען, וועלכע זיינען געמאַכט געוואָרען פון יוניאָן אַרבייטער און אונטער יוניאָן באַדינגונגען.

## רעזאָלוציע נומער 14
### וועגען דער פּרעסע.

אין אנבעטראַכט דאָס דער „פאָרווערטס", „ניו יאָרק קאָלל", „פרייע אַרבייטער שטימע", „צוקונפט", „נייע וועלט", „גערעכטיגקייט", „פאָרטשריט", „קאָאָפּעראַטיווע וועלט" האָבען טריי פאַרטיידיגט די פּרינציפּען פון אינטערנאַציאָנאַלער אַרבייטער סאָלידאַריטעט, ווי אויך די פּרינציפּען און געדאַנקען פון אַ. ר.

באַשליסט די 20טע קאָנווענשאַן פון אַ. ר. אויסצודריקען אַ דאַנק צו די אויבענדערמאָנטע אויסגאַבען און זיי ווערען אויך אנערקענט אַלס אָפיציעלע צייטונגען פון אַ. ר.

## רעזאָלוציע נומער 15
### וועגען דער נויאָרק „קאָל".

נעעמענדיג אין אַנבעטראַכט, אַז די אַרבייטער מאַסען פון דיזען לאַנד נויטיגען זיך שטענדיג און ספּעציעל איצט אין אַן ענגלישער פּרעסע, וועלכע זאָל פאַרטיידיגען זייערע אינטערעסען,

און אין אנבעטראַכט, אַז די נויאָרק „קאָל" האַלט מוטיג און אונערשראָקען אין פאַרטיידיגען די אַרבייטער אינטערעסען אין יעדער הינזיכט,

באַשליסט די 20טע קאָנווענשאַן פון אַ. ר. צו פאַרלאַנגען פון אַלע ברענטשעס און מיטגלידער צו שטיצען די זעלבע צייטונג מאָראַליש און פינאַנציעל, כדי זי זאָל קענען ווייטער פאָרזעצען איהר קאַמף פאַר דער אַרבייטער באַוועגונג.

## רעזאָלוציע נומער 16
### וועגען „די נייע וועלט".

די 20טע קאָנווענשאַן פון אַ. ר. באַטראַכט „די נייע וועלט" — דעם אָפיציעלען אָרגאַן פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע, אַלס אַ וויכטיגע צייטונג פאַר פּראָפּאַגאַנדא און אויפקלערונג אין די אינטערעסען פון דער אידישער און אַלגעמיינער אַרבייטער באַוועגונג. די קאָנווענשאַן דריקט אויס איהר פאַרלאַנג צו די מיטגליעדער און ברענטשעס פון דעם אַ. ר., אַז זיי זאָלען העלפען דער פאַרשפּרייטונג פון דיזער צייטונג און מיט אַלע מיטלען איהר צו העלפען מאָראַליש און פינאַנציעל.

## רעזאָלוציע נומער 17
### וועגען פאַרטרעטער צו דער לייבאָר ליעג קאָנווענשאַן

די קאָנווענשאַן באַשליסט, אויך דיזען יאָהר צו ערוועהלען צוויי פראָטוירנאַל דעלעגאַטען, אַלס פאַרטרעטער פון דעם אַ. ר., צו דער לייבאָר ליעג קאָנווענשאַן, וועלכע וועט געהאַלטען ווערען אין קומענדען מאָנאַט סעפּטעמבער.

## רעזאָלוציע נומער 18
### באַגריסונג צו דער פאַרטיי קאָנווענשאַן.

די 20טע קאָנווענשאַן פון אַ. ר. אין נואַרק באַשליסט צו שיקען איהר ברידערליכען גרוס און וואונש פאַר ערפאָלג צו דער קאָנווענשאַן פון דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי וועלכע ווערט געהאַלטען אין ניו־יאָרק.

## רעזאָלוציע נומער 19

די 20טע קאָנווענשאַן פון אַ. ר. באַשליסט צו שיקען איהר אויסדרוק פון סימפּאַטיע און מיטגעפיהל צו פריינדין סאָראַה פערלאָוויץ, נאָך דעם פריהצייטיגען טויט פון איהר נאָהענטסטען פריינד און אונזער אַלעמענס חבר מאַקס פערלאָוויץ, וועלכער איז ביז די לעצטע טעג פון זיין טויט געשטאַנען אַלס אַקטיווער טוער אין דער באַוועגונג און אַלס בעאַמטער פון דעם אַרב. רינג.

אַן עהנליכער אויסדרוק זאָל אויך געשיקט ווערען צו דער פאַמיליע פון אונזער פריינד מאָריס נימקאָווסקי, וועלכער איז אויף אַזאַ שוידערליכען אופן ערשט אַוועקגענומען געוואָרען פון די רייהען פון זיינע טויזענדער פריינד, מיט וועלכע ער האָט זיך אַזוי הארציג געליעבט.

## רעזאָלוציע נומער 20
### אַ דאַנק צו דער אַראַנדזשמענט קאָמיטע.

די 20טע יעהרליכע קאָנווענשאַן פון אַ. ר. דריקט אויס איהר הערצליכסטען דאַנק צו דער אַראַנדזשמענט קאָמיטע פון דער נואַרקער קאָנווענשאַן, ווי אויך צו אַלע מעמבערס פון אַ. ר. אין נואַרק פאַר זייער שווערער און דאַנקבאַרער אַרבייט צו מאַכען די קאָנווענשאַן אַזוי איינדרוקספול און ערפאָלגרייך, ווי נאָר מעגליך, און פאַר זייער זאָרגפעלטיגער אויפמערקזאַמקייט און באַקוועמליכע איינריכטונגען פאַר די דעלעגאַטען צו זייער פאָלשטענדיגען צופרידענהייט.

עס ווערט אָנגענומען אַ באַשלוס, אַז די נאַציאָנאַלע עקזעק. קאָמ. זאָל האָבען דאָס רעכט זיך צו פאַרבינדען מיט אַנדערע אָרדענס, אויב זי וועט געפינען פאַר נויטיג.

נאָכדעם ווי פר. פיינערמאַן פון נ. י. ווערט ערוועהלט אַלס טשערמאַן פון דער 11טער זיצונג, ווערט די 10טע זיצונג געשלאָסען.

## 11טע זיצונג, שבת 2 אוהר נאָכמיטאָג.

טשערמאַן — פיינערמאַן פון ניו יאָרק; וויים־טשערמאַן — זוסמאַן פון ברוקלין.

דער פּראָטאָקאָל פון דער 9טער זיצונג ווערט פאָרגעלעזען און גוטגעהייסען.

פר. באַקסט דריקט אויס צופרידענהייט מיט די פּראָטאָקאָלען און שלאָגט פאָר אַז די קאָנווענשאַן זאָל באַווילינגען $50.00 אַ מתנה פאַר'ן סעקרעטאַריאַט. דאָס ווערט איינשטימיג אָנגענומען.

האָום אָפיס קאָמיטע באַריכטעט: פר. לעוויטאַן סעק. און פר. קאַנגער טשערמאַן און באַריכט אָפגעבער.

די צוואַנציגסטע קאָנווענשאַן אָפּגעהאַלטען אין נואַרק, נ. דזש. באַשליסט: דאָס דער א. ר. זאָל בויען אַן אייגענעם היים־אָפיס.

פאַר דיזען צוועק זאָל די קאָנווענשאַן ערוועהלען אַ 15ער קאָמיטע אונטער דער אויפזיכט פון דער דזשענעראַל עקזעק. קאָמ. וועלכע זאָל גוט באַטראַכטען די פראַגע, בעראַטען זיך מיט

קספערטען אויסארבייטען פלענער און ברענגען זייער רעפארט ו דער נעכסטער קאנווענשאן.

די צוואנציגסטע קאנווענשאן באשליסט, אז דער א. ר. זאל ייען א היים פאר אונזערע אלטע מעמבערס.

פאר דיזען צוועק זאל די קאנווענשאן איבערגעבען די ראגע צו דער אויבען־דערמאנטער קאמיטע און אויסארבייטען לענער און אריינברייגגען צו דער נעכסטער קאנווענשאן.

דער באריכט פון דער קאמ. ווערט איינשטימיג אנגענומען.

די רעזאלוציאנס קאמ. רעקאמענדירט צו שטיצען די פערער סול מיט .$50.00 — עס ווערט איינשטימיג אנגענומען.

פר. סיקווערבערג, סעקרעטער פון דער קאמיטע אן אפי־ ערס רעפארמס, באריכטעט: טשערמאן פון דער קאמיטע — ר. גאלדין פון נ. י. — די קאמיטע רעקאמענדירט אנצונעמען ון נוטהייסען די שריפטליכע ווי אויך די מינדליכע באריכטען ון די פאלגענדע קאמטעס: בענעפיט, ארגאניזאציאן, אפיס ון סאניטאריום קאמיטע. די קאמיטע דריקט אוים צופרידענ־ ייט און דאנקבארקייט פאר דער טיכטיגער ארבייט וואס די ייבען דערמאנטע קאמיטעס האבען געטאן, ספעציעל פאר דער טארקער האנדלונג פון דער סאנאטאריום קאמיטע, און איהר יינשטעלען ארדנונג אין סאנאטאריום — עס ווערט אנגענומען.

די קאמיטע רעקאמענדירט אויך אויסצודריקען א דאנק און נערקענונג פאר דער גוטער ארבייט פון דער גאנצער גענעראל קזעקוטיוו. און א דאנק צו פר. י. באסקין פאר זיין גוטער און יכטיגער ארבייט.

אין בעצוג צו דעם מינדליכען באריכט פון דעם טשערמאן ון דער אפים קאמיטע, וואו ער האט אנגעדייטעט וועגען דעם דיעף פן די אפים אנגעשטעלטע צו די דעלעגאטען פון דער אנווענשאן, ערקלערט די קאמיטע דאס פאלגענדע: מיר גלויי־ ען אז די האנדלונג פון די אנגעשטעלטע איז געווען זעהר ניט יין פאסענדע, אזא האנדלונג טהוט קיין גוטעס ניט דעם א. ר., י אויך ניט די אנגעשטעלטע אין אפים. די אפים אנגעשטעל־ ע ווייסען וואו זיך צו ווענדען אויב זיי דענקען אז די אפים אמיטע האט ניט צופרידענגעשטעלט זייערע פארלאנגען.

מיר רעקאמענדירען דארום, אז די קאנווענשאן זאל זיך אין עם זין אויסדריקען, אום אזא זאך זאל זיך אין דער צוקונפט ט ווידערהאלען.

אין בעצוג צו דער עדיוקיישאנאל קאמ., באריכטעט די אמ., אז מיר נעהמען אן און אנערקענען די ארבייט וואס איז נסאן געווארען פון דער קאמיטע אלס גאנצע. מיר דריקען בער אוים אונזער אונצופרידענהייט מיט עטליכע מיטגלידער ן דער קאמיטע וועלכע האבען פארנאכלעסיגט זייערע פליכטען דער עדיוקיישאנאל קאמיטע.

איינינע דעלעגאטען פרעגען פראגען און ווילען קלארער ערען וועגען דעם טייל פון באריכט. פר. צביון קריגט דאס ארט: איך בין עס דער אונגליקליכער טשערמאן, פון דער דיוק. קאמ., זאגט צביון, שוין דריי יאהר אז איך בין אין דער אמיטע, און איך ערקלער אייך אז מיר האבען באוויזען צו אבען א גוטען רעקארד. קוקט דורך אונזערע רעקארדס וועט יהר זעהן. וואלט איהר געהאט אינטערפעלאציעס, וואלט יך אייך געענטפערט אויף יעדער פראגע און דאס אייך בא־ ייזען. איך וואלט געוואלט וויסען וועלכע ארבייטען זיינען ארנאכלעסיגט געווארען? אויב איינער האט ניט באזוכט יין מיטינגען, האבען דערפאר אנדערע געטאן מעהר ארבייט, ורכ'ן גאנצען יאהר האבען מיר דורכגעלאזען ביי 6 אדער 7 יטינגען. די ארבייט איז אבער פאלשטענדיג געטאן געווא־ ן. — קרעדיט קומט אונזער סעקרעטער פר. ביילין, וועלכער אט געטאן פיעל, זעהר פיעל ארבייט. דער עדיוק. קאמ. קומט דאנק, ווייל אלע, וואס טוען ארבייט קומט א דאנק. אויך אנ־ ערע קאמיטעס האבען זיכער געהאט מיטגלידער וועלכע האבען ט באזוכט מיטינגען, אונזער קאמיטע אבער אלס גאנצע האט טאן אלעס, וואס זי האט געקענט אונטער די אומשטענדען, רויסגעגעבען ביכער, ארראנזשירט לעקציעס, געעפענט 30 שולען ן א. וו.

פר. עפשטיין אין זיין באריכט, האט ניט געדארפט אריינ־ ארפען דעם געדאנק וועגען אינטעליגענטען, עס איז ניט קיין ראגע פון אינטעליגענטען, עס איז א פראגע פון וועלען טאן טע ארבייט. און דער עדיוק. קאמ. קומט זיכער א דאנק פאר יהר ארבייט.

פר. עפשטיין: עס טוט מיר לייד וואס צביון איז ברוגז, אס ווייזט אז איהר זייט אומגערעכט. עס איז ניט אמת אז יר ווילען ניט קיין אינטעליגענטען, זייער צייט איז אבער פאר־ טען ערגעץ אנדערש און ווען זיי געהן אין א קאמיטע טוען

זיי גאר ניט פאר'ן א. ר, פשוט דערפאר ווייל זיי האבען קיין צייט ניט און ניט דערפאר ווייל זיי ווילען ניט אדער קענען ניט.

איך באשטעה אויף מיינס, אז א טייל פון דער עדיוק. קאמ. זיינען ביי קיין מיטינג פון דער קאמיטע ניט געווען, ביי די מי־ טינגען פון דער נאצ. עקזעק. איז קיינער פון זיי אויך ניט געווען. מיר ווילען האבען מיט וועמען צו מיטען. עס איז ניט קיין פראגע פון דאנקען, איך וויל ניט קיין גרעסערען דאנק פון אן אנ־ דערען, עס איז טאקע א פראגע פון באזוכען מיטינגען און דורכ־ פיהרען באשליסע. די עדיוק. קאמ. האט פארפעהלט מעהר ווי ⅞ מיטינגען, בר. פלעגען קומען מיט פארלאנגונגען צו דער קאמיטע און איהר ניט געקענט קריגען. דאס האט פיעל שאדען געטאן דער ארבייט, דאס ביסעלע ארבייט איז געטאן געווא־ רען פון סעקרעטער ביילין, איהר האט אבער געדארפט פריהער מיטען און איהם צוגרייטען ארבייט.

איך וויל אז די נייע קאמיטע זאל ניט פארנאכלעסיגען איהרע פליכטען דערפאר זאג איך אייך דעם אמת, ווי ביטער ער זאל ניט זיין.

דער באריכט ווערט דאן אנגענומען איינשטימיג.

אין בעצוג צו דער גריוועגס קאמיטע, באריכטעט די קאמ.: צו אנערקענען איהר ארבייט און אין די ספעציעלע פראגען וועלכע זיינען פארגעבראכט געווארען פאר דער קאנווענשאן פון דער גריוועגס קאמ., פון דער נאצ. עקזעק. און פון נאצ. באארד אוו דירעקטארס, רעקאמענדירט די קאמיטע דאס פאל־ גענדע: אין דעם פאל פון בר. 6 ווערט דער באשלוס פון נאציאנאלער באארד אוו דירעקטארס געגען דעם באשלוס פון דער גריוועגס קאמיטע צוריקגעוויזען; אין דעם פאל פון בר. 11 ווערט באווילינט א נייער טרייעל; אין דעם טאלידא בר. 155 פאל ווערט אנגענומען דער באשלוס פון דער נאצ. באארד אוו דירעקטארס; אין דער פעטערסאן „לום־פראגע" ווערט גוט־ געהייסען דער באשלוס פון גריוועגס־קאמיטע; וואס אנבע־ לאנגט צום אויפגעלעזטען ברענטש 192, דענקט די קאמיטע אז די קאנווענשאן קען וועגען דעם ניט האנדלען.

פר. וואלאס ערקלערט אז ער איז צופרידען מיט'ן באריכט וועגען דער טאלידא פראגע ווייל נאך אלעמען איז דאך ניטא קיין אונטערשיעד צווישען דער גריוועגס־קאמיטע און נ. ב. א. ד. עס איז טיילמאל בלויז א פראגע פון ניט האבען גענויע אינפאר־ מאציעס, וואו מיר פארשטעהען זיך ניט. וואלטען מיר אבער געווען דארטען אויפ'ן פלאץ וואלט אונזער באשלוס אפשר געווען דערזעלבער ווי דער פון נ. א. ב ד. שריפטליך האבען מיר פיליינט ניט געקראגען די ריכטיגע אינפארמאציעס.

פר. בענעטסאן ערקלערט, אז די קאנווענשאן לויט אונזער קאנסטיטושאן קען ניט צוריקווייזען א באשלוס פון די נ. ב. ד. אויף אן אפיעל. דאס בעסטע וואס די קאנווענשאן זאל טאן איז ערקלערען א אונצופרידענהייט מיט דעם באשלוס און אויפ־ פאדערען די נאצ. באארד זאל געבען א נייע הירינג.

דער טשערמאן פריינד פיינערמאן ענטפערט, אז ווען די קאנווענשאן באשטימט, אז זי איז ניט צופרידען מיט א באשלוס פון דער נ. ב. א. ד. געהט דיזעלבע פראגע צוריק איבער צו דער נ. ב. א. ד. עס פארשטעהט זיך אז אין ברענטש 6 פאל, קען שוין מעהר ביי דער נ. ב. א. ד ניט זיין קיין פראגע וועגען אויסשליסען דעם מעמבער. דער באריכט ווערט דאן אנגענומען.

די פאלגענדע ווערען ערוועהלט אין דער קאנסטיטוציאנס רעוויזיאנס קאמיטע: ראטהמאן, לאנגער, דינעהשטיין, עפשטיין, און גוסקין.

די פאלגענדע ווערען ערוועהלט אין דער קאמיטע פאר א היים אפים און א היים פאר די אלטע מיטגלידער: קלופט, גאל־ דין, וואלאס, לעוויטאן און קופערמאן.

אלס פראטוירנאל דעלעגאטען צו דער קאנווענשאן פון לייבאר ליעג, ווערען ערוועהלט פר. אלפערט פון נוארק און ל. דינערשטיין.

פר. וואלאס מאכט אויפמערקזאם אז אין דעם באריכט פון דער היימען־קאמיטע איז ניטא דערמאנט וועגען די אויס־ גאבען וואס זיי וועלען דארפען מאכען. עס ווערט דאן פאר־ שטאנען אז אלע אויסגאבען וועלען געדעקט ווערען פון דזשענ. אפים און אז דער אפים וועט זיי אויך העלפען אין דער ארבייט.

דער טשערמאן ערקלערט אז אלע געשעפטען פון דער קאנווענשאן זיינען שוין ערליידיגט געווארען, און גיט איבער דעם פארזיץ צו פר. י. וויינבערג, פון בר. 2 צו שליסען די קאנ־ ווענשאן.

איך בין געווען ביי פיעלע קאנווענשאנס פון א. ר., זאגט

פר. וויינבערג, אבער אזוי צופרידען זיין פון די רעזולטאטען בין איך זעלטען געוועז. פיעלע מאל זייגען מיר אוועק צוריסענע איבער פארשידענע פראגען, אבער היינט געהען מיר אלע אהיים איינינ אין אלעם וואס עס איז פארהאנדעלט און באשלאסען געווארען. דאס באווייזט אז ביי די דעלעגאטען שפיעלט א פערזענליכע מיינונג אדער געפיהל קיין ראליע ניט, נאר בלויז די אלגעמיינע אינטערעסען פון דעם א. ר. אין אלע פרטים איז די היינטיגע קאנווענשאן געוועזן אינטערעסאנט און זאכליך. מיר האבען אפילו די צייט ניט באגרענעצט אין די דיסקוסיאנען און פארהאנדלונגען, און דאך איז אלעס געמאן געווארען שנעל און פינקטליך. עס קען פיעל געזאגט ווערען, און עס איז דא וואס צו זאגען, אבער איך וויל ניט פארנעמען די צייט. איך וועל אייך פארשטעלען די וואס געהען יעצט ארויס פון דער עקזעקוטיווע. זיי האבען אייך זיכער וואס צו זאגען. איך האף, אז זייענדיג אויסער דער עקז. וועלען זיי אנווענדען זייער טהעטיגקייט פאר׳ן א. ר. פונקט ווי זיי האבען עס געטהאן ביז יעצט. ער שטעלט דאן פאר פר. צביון.

די ערשטע ארגאניזאציע, אין וועלכער איך בין געווארען א מיטגליד אין אמעריקא איז געוועזן דער א. ר., זאגט פר. צביון, און איך האב אויף דעם ניט קיין תרטה. עס איז ביי מיר די ערשטע און באליעבטעסטע. איהר רעדט וועגען ארבייט וואס די קאנווענשאן האט אפגעטאן. דאס איז ניט אלעס. קאנ־ווענשאנס טוען ניט קיין סך ארבייט. זיי דריקען אבער אויס דעם ווילען און בארייטקייט צו טאן ארבייט, און דאס האט די קאנווענשאן געטאן אויף א גאנץ גרויסען אופן. איך ווייס אז דער א. ר. באשטעהט פון א גרויסען פראצענט ניט ארביי־טער, און זיי זיינען גוטע און געטריייע א. ר. מיטגלידער. צום א. ר. באלאנגען זיי זיכער ניט צוליב פארזיכערונגס־צוועקען אליין. זיי האבען פיליכט 5000 דאלערדיגע אינשורענס פאלי־סיס, אויסער דעם א. ר. זיי געפינען זיך אבער אין א. ר. צוליעב אונזערע פרינציפען און אידעאלען. דאס איז די איינ־ציגע זאך וואס גיט א זין פאר זייער לעבען.

ווען איהר קומט אהיים צו אייערע ברענטשעס, רעדט ניט צו זיי וועגען בענעפיטס און אינשורענס, — האלט ביי זיי אויף דעם שעהנעם גייסט אונזערען, האלט אויף אונזער ציעל צו שאפען אמת׳ע פריינדשאפט צווישען ארבייטער און האלט הויך די פאהן פון ארבייטער־איינינקייט.

דער טשערמאן אנאנסירט דאס ער האט יעצט ערהאלטען א נאכריכט דאס די נוארקער מינסקער יאנס מענס׳ האבען באשלאסען צו ווערען א בר. פון א. ר. (אפלאדיסמענטען).

עס ווערט פארגעשטעלט פר. גוסקין.

איך קאן ניט זאגען, ווי צביון, אז דער א. ר. איז ביי מיר געוועזן די ערשטע ארגאניזאציאן אין אמעריקא, זאגט פר. גוסקין. איך האב שוין באלאנגט און בין געוועזן אקטיוו אין די בונדיסטישע ארגאניזאציאנען. פון מיין ערפאהרונג ווייס איך אז מיט אקטיוויטעט מאכט מען זיך שונאים, אבער אויך פריינד און דורכ׳ן א. ר. האב איך זיך געשאפען פיעלע פריינד. איך געה יעצט אוועק פון אייך א צופרידענער, ניט נאר דערפאר וואס איהר האט גוטגעהייסען מיין ארבייט, נאר הויפטזעכליך דערפאר ווייל מיר האבען א שטארקען און א שעהנעם א. ר. — דער נעקסטער רעדנער איז א. דינערשטיין.

דער טשערמאן האט מיך פארגעשטעלט אז איך האב אוועק־געלייגט א סך ארבייט פאר׳ן א. ר. אמת, איך האב עס אבער געטאן ווייל איך האב געפיהלט דאס עס פאדערט זיך א סך ארבייט. יעצט געה איך אוועק, אבער בלויז זיך אפרוהען אביסעל, אום דערנאך זיך ווידער נעהמען מיט נייע כחות צו דער ארבייט.

איך ווינש און האף דאס די נעקסטע עקז. וועט אויך טאן ניט קיין ערגערע ארבייט. און וואס צו טאן איז פאראן פיעל, זעהר פיעל.

פערלשטיין בעט ענטשולדיגונג, ער פיהלט ניט גוט און קאן ניט רײדען.

קלופט: ניט אכטענדיג וואס איך וועל זיין אויסער דער פארוואלטונג וועל איך דאך טאן ארבייט ווי ווייט מיינע מעג־ליכקייטען וועלען נאר ערלויבען.

עס ווערט אויך פארגערופען מר. ראטהמאן, ער איז אבער ניטא אין האל. דאס ווארט קריגט דאן פר. באקסט.

מען האלט מיך פאר א וויצלינג, איך פיהל אבער אז יעצט איז ניט די צייט דערצו. עס איז צו ערנסט און היילינ, איבריגענס ווען מען איז שוין אריבער די 50־גער, און ביים זייט זיצט אונזער גענאסע וויינבלאט, דער פיונעראל דירעקטאר,

קאן מען במילא קיין וויצען ניט זאגען.

איך האלט די צוואנציגסטע קאנווענשאן פאר א וועג־וויי זער. עס ציינט אז מיר זיינען ערשט אפגעגאנגען 20 מייל עס איז א לאנגער וועג. איך פיהל זיך אבער געגוג יונג, מי אייך מיטצוגעהן ביז מיר וועלען קומען צו אונזער ענדציעל.

איך האב פאר דעם א. ר. אפגעגעבען א העלפט פון מיי לעבען, דא ליגט מיין נשמה. אין ערגעץ פיהל איך מיך ני אזוי גוט ווי אין א. ר. ניט אין די יוניאנס און ניט זאגאר אי דער סאָצ. פארטיי. עטוואס איז פאראן אין די נשמות פ די א. ר. טוער וואס דארף געשטודירט ווערען. ווען איך ווע שוין זיין דארטען פון וואנען מען קען קיין דעלעגאט צו רע קאנווענשאן ניט זיין, וועל איך אבער פיהלען אז איך האב גע טאן מיין פליכט צו אונזער א. ר.

יאנאס: דער טשערמאן האט מיך פארגעשטעלט אל לאנדסמאן פון באקסט׳ן דערפאר ווייל איך קום פון באסטאן איך ווינש און האף נאך איינגיכען פטור צו ווערען פון באסטא אזוי שנעל ווי דער א. ר. וועט דארט אריין.

ביי מיר איז געוועזן דער שענסטער מאמענט פון קאנווענ שאן ווען איהר האט זיך געריסען צו זיין דעלעגאטען צו רע קאנווענשאן פון לייבאר ליעג, און איך ווינש אייך דאס מעה ווי דיזען יאהר זאלט איהר צום לייבאר ליעג קיין דעלעגאטע ניט דארפען שיקען, ווייל עס וועט זיין א י י ן א ר. אי א מ ע ר י ק א.

איהר האט ערשט געוואוגען א בר. אין נוארק. איך גא ראנטיר אייך אבער אז איהר וועט פיעל מעהר געווינען אי באסטאן.

דער טשערמאן דריקט אויס א דאנק צו די נוארקע אראנזשמענט קאמיטע און שטעלט פאר פר. אלפערט, וועלכע זאגט: צי עס קומט אונז א דאנק צי ניט, מיר האבען געטא דאס בעסטע וואס מיר האבען געקענט. דאס איינציגע, וואו איך קאן דא צו אייך, דעלעגאטען, זאגען, איז, אז עס אי ווערטה צו האבען ביי זיך א קאנווענשאן. עס איז ביי אונ געוועזן א יום־טוב די גאנצע צייט זייט מיר האבען זיך דער וואוסט דאס די קאנווענשאן פון א. ר. וועט אפגעהאלטען ווער אין נוארק. איהר פאהרט יעצט אהיים, און געדענקט אז ע איז פאראן ארבייט וועלכע איך האף דאס איהר וועט מיט פע געניגען טאן.

דער טשערמאן בעט ענטשולדיגונג וואס ער האט ני פארגעשטעלט אונזער סעקרעטער פר. באסקין צו דער ערעפענונ פון קאנווענשאן, און ער שטעלט איהם יעצט פאר.

באסקין: איך וויל בערוהיגען דעם טשערמאן, אז אי האב ניט קיין פאראיבעל אויף איהם. איך ווייס אז ווען ע איז דא א סך ארבייט קאן מען איינינעם פארגעסען.

איך פיהל מיך אין אלגעמיין ניט נאר אלס סעקרעטע נאר אויך איינער פון אייך. איהר ווייסט אז יעדע ברעקע צייט גיב איך אפ דעם א. ר., ניט נאר אין אפיס נאר אויך מינ מיין פען אין דער פרעסע.

דא איז פיעל גערעדט געווארען וועגען דעם סוד פון דע א. ר.׳ס שטארקייט. אט טאקע דערפאר איז ער שטארק ווי קיינער ווייסט ניט גענוי דעם סוד. איהר ווייסט די לעגענד פון שמשון און דלילה: אום שמשון׳ס גבורה בייצוקומען הא זיך איהם דלילה אין ליעבע ערקלערט און האט ביי איהם דע סוד ארויסגעקריגען, אז ער איז שטארק ווייל זיינע האר זיינע ניט געשארען. און טאקע באלד ווי מען האט אפגעשארען אי זיין גבורה פון איהם אוועק. — דעם א. ר. קאן מען ניט שווא מאכען, ווייל מען קאן דעם סוד ניט דערגעהן. דער גייסט, וואו הערשט אין א. ר. איז אומצוברעכבאר, מען האט דאס נעקאנ באמערקען ווען עס האט זיך געהאנדעלט וועגען די פרינציפען ערקלערונג. און מעגען מיר אננעהמען וואס פאר א פרינציפע ערקלערונג, דעם גרונד־פרינציפ אבער וועט מען נאך מעה פארשטארקען.

איך שטעל זיך פאר דעם א. ר. ווי א גרויסען בארג צווי שען א גרויסע גרופע קלענערע בערג. יעדער איינציגער בר איז א בארג פאר זיך. יעדער איינציגער בארג האט שוי דורכגעמאכט פערשיעדענע שטורעמס און ווינטען; אלע שטעהע אבער שטארק, ווארטען און האפען און וועלען דערווארטען ווע די גרויסע שעהנע זון וועט אויף זיי אלעמען אויפגעהן און ד גאנצע וועלט וועט זיין א שעהנערע, א ליכטיגערע.

פר. וואלאס קריגט דאס ווארט: עס זיינען דא אזעלכע זאגט ער, וואס זיינען ארויסגעגאנגען פון דער עקז. און אזעלכ וועלכע מען האט געגעבען א וואקאציע... איך בין איינער פ

...י לעצטע. פר. עפשטיין האט געזאגט אז ווען מען טרייבט ...ויינעם פון די טויער אין א. ר. ארוים דורכ'ן טיר קומט ער ...נדיס דורכ'ן פענסטער, אדער דורכ'ן קוימען, די וואס זיינען ...עצט ארוים פון דער עקז. האבען עס באוויזען — זיי האבען ...שוין אנגענומען אין אנדערע קאמיטעס וועלכע זיינען נאר ...וואס ערוועהלט געווארען. אט האב איך שוין ווידער וואס ...צו טאן אין דער נאר־וואס, ערוועהלטער היים־קאמיטע.

...פיעלע דעלעגאטען האבען פיליכט דא ערווארטעט א שטי־ ...על ספעקטאקעל צוליעב די סכסוכים פון דער געוועזענע קאמיטע ...און די נ. ב. א. ד. און צוליעב דער פעטערסאן־קייס. איהר ...האט אבער געהאט א טעות, נישטא ביי אונז קיין פערזענליכעס, ...עס הערשט בלויז א שעהנער גייסט פון אייניגקייט, עס איז א ...וואונדער צו זעהן ווי יונגע מענשען גיבען אוועק זייערע בעסטע ...יאהרען פאר'ן א. ר., דאס איז די נשמה פון ארבייטער. אזוי ...פיעל איז געשאפען געווארען אין אזא קורצער צייט, ווייל דער ...ארבייטס־גייסט איז גרויס. מיר דארפען זיין גליקליך ווייל ...מיר זיינען נאך אלץ בויער, מיר זיינען נאך אלץ אין אונזער ...וגענד. עס איז דא ביי אונז א פלאץ פיר א מיליאנעדיגער ...מיטגלידערשאפט. מיר דארפען בלויז בויען און שאפען ביז ...אונזער ארבייט וועט מעהר שוין נים נויטיג זיין.

פר. אלפערין קריגט דאס ווארט. ער זאגט: איך בין ...שוין 14 יאהר א מיטגליעד אין א. ר., איך האב אלעמאל געטאן ...מיין חלק. איך וויים דער א. ר. איז יעצט קרעפטיג, גרויס, ...איך וועל אבער ניט אפשטעהן און וועל ווייטער טאן ווי ביז ...יעצט.

פר. עפשטיין ווערט פארגעשטעלט: איך וואלט אייך ...געדארפט האלטען א לאנגע רעדע ווייל איך דארף זיך מיט ...אייך אין צווייען געזעגענען: ערשטענס, געה איך אוועק פון ...דער פארוואלטונג פון א. ר. און צווייטענס פאהר איך קיין ...אייראפא פאר א קורצע צייט. איך בין פיזיש אבער אויסגע־ ...מאטערט און גייסטיג צובראכען צוליעב דעם אומגליק וואס ...האט פאסירט מיט אונזער פר. נימקאווסקי. איך וועל אייך ...נאך זאגען עטליכע ווערטער.

ביי מיר אוועקצוגעהן פון א. ר. טעטיגקייט איז ווי אוועק־ ...געבען א טייל פון מיין לעבען. די לעצטע יאהרען האב איך ...פאר'ן א. ר. אוועקגעגעבען מעהר ווי פאר מיין פאמיליע. עס ...איז שווער פאר מיר אוועקצוגעהן, דא ליגט מיין נשמה און א ...גרויסער טייל פון מיין לעבען. דאס זיינען ניט קיין פראזען, ...פאר דאס קומט פון טיפען הארצען. איך האב נים קיין תרמה ...וואס איך וועל נאך מיין טויט פאר מיין פאמיליע גאר ניט ...איבערלאזען איך וועל אבער פאר'ן א. ר. זעהר פיעל איבערלאזען.

דער א. ר. אלס עקאנאמישע ארגאניזאציע איז אויף אזוי ...פיעל, אויף וויפיעל עס איז וויכטיג א געזונטער גוף פאר א ...מענשליכער נשמה. די וואס האבען געשטימט פאר ענדערען אונ־ ...זער פרינציפען־ערקלערונגען האבען עס געטאן מיט וועהטאג ...אין זייער הארץ, איך וויים עס.

עם מאכט מיך שטאלץ צו האבען געארבייט 20 יאהר אין ...א. ר. איך געה איצט ארוים פון דער פארוואלטונג, איך וועל ...אבער מיין פלאץ געפינען, אויב נים אין דער עקז. איז ערגעץ ...אין אן אנדער קאמיטע — אין דער סיטי קאמיטע א. ד. ג.

איך פאהר אין ניכען קיין אייראפא און וועל זיי דארט ...מיט רעכט איבערגעבען א גרוס פון אייך און זיי זאגען אז א ...גרויסער טייל פון אונזער ארבייט דא, איז פארנומען געווארען ...פאר זייערע אינסטיטוציעס און זייערע אינטערעסען.

מיך ארט נים פאר די פרינציפען־ערקלערונגען. אויב עס ...וועט אונזערע מיטגלידער נים געפעלען זאלען מיר עס בעסער ...גאר נים האבען, און מיר האבען נים וואס מורא צו האבען, ...ווייל די אינטערעסען פון דער ארבייטער באוועגונג ליגען אונז ...טיעף אין הארצען.

מיר באגריסען דאס פרייע רוסלאנד און מיר האבען אויך ...אז עס וועט קומען די צייט ווען זיי וועלען אויך אונז באגרי־ ...סען מיט א פרייען לאנד און בעסערע און פרייערע באדינגונגען. ...לאמיר נים איינבויגען די קעפ פאר דער רעאקציע, נאר מיט ...מעהר מוט און באגייסטערונג פארטזעצען אונזער היילינע אר־ ...בייט.

פר. לין (נוארק), דירעקטאר פון ניו דזשוירזי סטייט, ...ווינשט דעם א. ר. דעם גרעסטען ערפאלג פאר דער צוקונפט.

עס קרינט דאס לעצטע ווארט פר. בייליו, רעדאקטאר פון ...„פריינד". ער זאגט: עס טוט מיר לייד וואס איך דארף זיין ...דער לעצטער צו שליסען די קאנווענשאן. איך בין נים אין ...קיין נעילה־שטימונג, ביי מיר ענדיגט זיך נאך נים די קאנווענ־ שאן־צייט, איך בין לעצטענס בלויז קאנווענשאנדיג. געקומען בין איך אהער פון דער שולען־קאנפערענץ און געה פון דאנען אלס פראטעסטאל דעלעגאט צו דער סאצ. פארטיי קאנווענשאן, איך וועל זיי דארט ברייננען אייער ברכה.

ווען די עגיפטער האבען מלחמה געהאלטען מיט די סיריער, ווערט דערצעהלט, אז די נוביאנער האבען זיי געדארפט ברייג־ גען הילף. זיי זיינען געקומען און זיי קיין הילף נים געבראכט. ווען מען האט די נוביאנער געפרעגט, „וואס האט איהר גע־ בראכט? וואו זיינען אייערע רייטער און פערד? — „א מגיפה האט זיי אלע פארלענדט!" — האבען די נוביאנער שלוחים געענטפערט. — „און וואו זיינען אייערע וואפען, וואס איהר האט צוגעזאגט?" — „מ'האט זיי ביי אונז גע'גנב'עט!" — האבען די נוביאנער טרויעריג געענטפערט. — „נו, און אייער תבואה און עסענווארג, וואס איהר האט געדארפט ברענגען?!" האבען די עגיפטער אין כעס געפרעגט. — „א שרפה האט עס אלץ פארברענט... אבער מיר האבען אייך דערפאר געבראכט א ברכה פון די געטער"... איך וועל אזוי נישט קומען אין אייער נאמען צו דער סאציאליסטישער קאנווענשאן. איך וועל זיי זאגען ווי רות האט אין דער אמאליגער לעגענדע געזאגט צו נעמי'ן: „באשר תלכי — אלך. ובאשר תמותי אמות". וואו דו וועסט געהן וועל איך געהן, און וואו דו וועסט שטעהן אין געפאר צו שטארבען וועל איך אויך שטעהן אין זעלבען געפאר. איך וועל ברענגען דער סאצ. פארטיי נישט נאר אייער גרוס און ברכה, נאר אויך אייער גרייטקייט צו העלפען איהר אין דעם גרויסען קאמף פאר דער באפרייאונג פון ארבייטער־קלאס.

מיר האבען געהאט אן ערפאלגרייכע קאנווענשאן. מיר האבען אפגעטאן אונזער ארבייט, ערפילט אונזערע פליכטען. די פרינציפען־ערקלערונג, וואס מיר האבען גענומט אנ־ נעמען איז אונז ניט צום הארצען. עס איז נישט אונזער שפראך אין וועלכער מיר רעדען. אבער די רעאקציע טוט זיך איהרס: זי לעשט, זי בריגט, זי טרעט, זי שטיקט. לאנג וועט זי אבער נישט אנהאלטען. זי קען לאנג נישט אנהאלטען, אזוי ווי עס קען אויף שטענדיג זיך נישט ציהען א בייזער, שרע־ קענדיגער חלום...

מיר זיינען יעצט גלייך צו איינעם וואס פאסט א תענית און ווארט פאר דער ענדע פון טאג, ווארט אז דער ערשטער שטערן זאל זיך באווייזען אויפ'ן הימעל. דער תענית קומט צו זיין ענדע... שטערען ווייזען זיך שוין... דער ערשטער שטערען ווינקט שוין און שימערט אויפ'ן פרייהייטס הימעל, דאס איז רוסלאנד. דער שטערען קען שוין נים אונטערגעהן און עס וועלען קומען נאך... איך ענדיג מיט דער האפנונג אז מיר וועלען דערלעבען צו שליסען קאנווענשאנס פון דעם אלוועלטליכען ארבייטער רינג...

דער טשערמאן פר. י. ווינבערג ערקלערט די 20טע קאנ־ ווענשאן פון ארבייטער רינג פאר געשלאסען.

---

## ספעציעלע פיונעראל דעפארטמענט זיצונג

דאנערשטאג אום 10 אוהר ווערט די זיצונג ערעפענעט פון פר. קופערמאן, טשערמאן פון דעם סעמעטערי דעפארטמענט. אלס טשערמאן ווערט ערוועהלט פר. לעוויטאן, וויס טשערמאן ניאלאט, אלס סעקרעטער ב. קראפקא.

פר. קופערמאן, פארשטעהער פון ס עמעטערי דעפארט־ מענט גיט אן איבערבליק וועגען דער וויכטיגקייט פון דיזער אינ־ סטיטושאן, און בעט די דעלעגאטען זיך באציהען מיט אויפ־ מערקזאמקייט צו אלע רעפארטס און רעקאמענדאציאנען. פר. דינערשטיין, פארשטעהער פון דער פיונעראל קאנטראל קאמיטע ערקלעהרט אז די לעצטע צוויי עפידעמיעס האבען פאראורזאכט א גרויסען דעפיציט אין די פאנדס פון דעם פיונעראל דעפארט־ מענט וועלכער איז גערעקט געווארען פון די פאנדס פון דעם סעמעטערי דעפארטמענט. פר. דינערשטיין ערקלעהרט אז איי־ גענטליך וואלט די פיונעראל קאנטראל קאמיטע געדארפט רע־ קאמענדירען אז מען זאל מאכען א ספעציעלען אסעסמענט אום דעם גרויסען דעפיציט צו דעקען, אבער אזוי ווי אין א. ר זיינען לעצטענס אנגענומען געווארען איינינע אנדערע אסעסמענטס, איז נים ראטזאם די מעמבערס צופיעל צו באלעסטיגען, און פאל־ גליך רעקאמענדירט ער אלס באשלוס פון דער הרייער פיונעראל קאנטראל קאמיטע אז פארלויפיג זאל דער 12 סענט טעקס געהע־ כערט ווערען אויף 51 סענט פאר דעם נעקסטען יאהר, און דאס דער ספעשעל פינף סענט טעקס זאל בלייבען אויף נאך א יאהר. דיזע רעקאמענדאציאן ווערט איינשטימיג אנגענומען. די פיו־ נעראג קאנטראל קאמיטע ווי אויך דער סעמעטערי דעפארטמענט

ווערען באדאנקט פון דעם קאנווענשאן פאר די גוטע ארבייט וועלכע זיי טוען פאר דעם א. ר.

פריינדין ר. אש, סעקרעטער פון סעמעטערי דעפארטמענט גיט אפ דעם פינאנציעלען רעפארט:

די איינגאהמע פאר'ן פיונעראל פאנד האבען באטראפען:

| | |
|---|---|
| 74טער קווארטאל פיונעראל אסעסמענטס — | $6,961.75 |
| 75טער " " " — | 7,344.86 |
| 76טער " " " — | 7,631.04 |
| 77טער " " " — | 7,814.06 |
| טאטאל איינאהמע ביז יאנואר 1טען 1920 — | $29,751.71 |

פיונעראל קרעדיט אויסגעצאהלט צו ברענטשעס:

| | |
|---|---|
| 74טער קוואר. פיונעראל בענעפיט קרעדיט צו בר. | $15,950.00 |
| 75טער קוואר. פיונעראל בענעפיט קרעדיט צו בר. | 8,913.00 |
| 76טער קוואר. פיונעראל בענעפיט קרעדיט צו בר. | 6,760.00 |
| 77טער קוואר. פיונעראל בענעפיט קרעדיט צו בר. | 8,090.00 |
| טאטאל קרעדיט — — — — — — | $39,713.00 |
| אויסגאבען פאר אדמיניסטריישאן — — — | $3,253.99 |
| קרעדיט פאר געשטראכענע מעמבערס — — | $686.79 |
| דעפיציט פון לעצטען יאהר — — — — — | $3,734.58 |
| צוזאמען מיט'ן דעפיציט פון לעצטען יאהר באטרעפט דאס די סומע פון — — — — — — — — | $47,388.36 |
| בלייבט א דעפיציט דעם 1טען יאנואר 1910 — — | $17.636.65 |

די רעלעגאטען באציהען זיך צו דיזען רעפארט מיט דער
נרעסטער אויפמערקזאמקייט. פריינדין אש ערקלערט די פאר
שידענע אורזאכען וועלכע האבען פאראורזאכט דעם דעפיציט אי
פיונעראל פאנד, זי ערקלערט אז ניט נאר די לעצטע צוויי עפי
דעמיעס זיינען פאראנטווארטליך פאר דעם גרויסען פארלוסט אי
פאנדס, זאנדערן אויך דער פאקט וואס מען האט געהעכער
די פיונעראל בענעפיטס. דאך גלויבט פריינדין אש, אז מי
דער העכערונג פון 12 אויף 15 סענט וועט די לאגע פארבעסער
ווערען, זי האפט אויך אז דער צוואוואוקס פון נייע מעמבער
וועט העלפען אפווישען דעם יעצטיגען דעפיציט.

עס ווערען געשטעלט פיעלע טעכנישע און אנדערע פראגע
און זיי ווערען פארענטפערט צו דער צופרידענהייט פון אל
רעלעגאטען. נאך דעם ווי פריינדין אש ווערט באדאנקט פא
איהר ארבייט, גיבען די פריינדע געבאמקין און הייפערלינג איה
איבער א בוקעט בלומען, אין נאמען פון אלע דעלעגאטען, אל
אנערקענונג פאר איהר טרייע ארבייט אין פיונעראל דעפארט
מענט.

עס ווערט פארגענומען וואהל פאר א נייע פיונעראל קאנ
טראל קאמיטע און די פאלגענדע פריינדע ווערען ערוועהלט
ס. נורעלמאן, בר. 275, ס. וואלאס בר. 75 און דזש. סלופט פו
בר. 150.

מיט דעם ווערט די ספעציעלע זיצונג פון פונעראל דעפארט
מענט געשלאסען.

ז. שפייער, י. ח. גאלדבערג, י. טאליסמאן, סעקרעטאריאט
ענדע

# טעלעגראמען צו דער 20טער א. ר. קאנווענשאן

סאציאליסטישע פארטיי און פרעסע

די סאציאליסטישע פארטיי פון ניו יארק באגריסט ברידערליך אייער קאנווענשאן. זאל אייער ארבייט פאר געגענזייטיגע שטיצע זיין ערפאלגרייך און העלפען פארשטארקערען די סאלידאריטעט פון דעם ארבייטער קלאס פאר זייער ענדליכער באפרייאונג פונ'ם קאפיטאליסטישען יאך.
סאציאליסטישע פארטיי, ניו יארק קאונטי, דזשוליוס גערבער סעק.

אין נאמען פון דער „ניו יארק קאלל" שיק איך אייך א ברודערליכען גרוס און גראטולאציאן פאר די העררליכע אויפטואונגען פון אייער ארגאניזאציאן. עס טוט מיר זעהר לייד וואס צוליעב קראנקהייט איז מיר אונמעגליך אייך אפצוגעבען דיזען גרוס פערזענליך. עס איז פאר מיר ניט נויטיג צו ווידער האלען אז די „קאלל" איז בארייט אין אלע צייטען צו דינען אייערע אינטערעסען און אייערע פרייהייטס אידעאלען דורך וועלכע איהר זייט אזוי גוט באוואוסט צווישען דער ארבייטערשאפט פון אמעריקא און אויף דער גאנצער וועלט.
טשארלס וו. אנירווין, רעדאקטאר ניו יארק קאלל.

די „ניו יארק פאלקס־צייטונג" שיקט אויף א ווארימע באגריסונג פאר אייער מוסטערהאפטע טעטיגקייט אין די אינטערעסען פון קלאסענבאוואוסטזיין. די אידישע ארבייטערשאפט אין דיזען לאנד האבען באוויזען וואס פאראייניגטע קרעפטען קענען אויטאן פאר דעם ארבייטער־קלאס. די גאנצע מאכט צו די ארבייטער, די גאנצע מאכט צום ארבייטער קלאס.
לודוויג לארע, רעדאקטאר.

גענאסען!
ברידערליכע גרוסען און בעסטע ווינשע פאר דער סאלידאריטעט פון ארבייטער קלאס.
לאקאל האדסאן קאונטי סאצ. פארטיי.

מיר ווינשען ערפאלג אין דער ארבייט פון אייער צוואנציגסטען קאנווענשאן.
יודזשין וו. דעבס איד. בר. 4 ס. פ. עליזאבעטה, נ. דזש.

מיר באגריסען דעם צוואנציגסטען קאנווענשאן פון ארבייטער רינג און ווינשען אייך פרוכטבארע ארבייט.
איד. בר. 3, ס. פ. פעטערסאן, נ. דזש., פ. פעלד, סעק.

גענאסען! אונזערע בעסטע ווינשע צו אייער צוואנציג יאהריגע קאנווענשאן. זעצט פאר אייער גוטע אויפקלעהרונגס ארבייט אין וועלכער מען נויטיגט זיך יעצט מעהר ווי אימער.
פיטסבורגער איד. סאצ. בר. ב. סיגעל, סעק.

יוניאנס

די אינטערנעשאנאל ליידיס גארמענטס וואירקערס יוניאן, פארזאמעלט ביי איהר קאנווענשאן אין שיקאגא, שיקט אייך א הארצליכע גראטולאציאן פאר דעם וואונדערבארען וואוקס פון אייער ארגאניזאציאן. — די ערהאבענע גייסטיגע ארבייט וואס איהר פיהרט אן צווישען די אידישע ארבייטער מאסען פיהרען צו פראגרעס פאר דער ענדליכער באפרייאונג פונ'ם ארבייטער קלאס.
ב. שלעזינגער, פרעזידענט.

אין דעם נאמען פון דער גרויסער מיטגלידערשאפט פון די אמאלגאמייטעד קלאדינג וואירקערס פון אמעריקא שיק איך א ווארימע באגריסונג צו אייער קאנווענשאן און בעסטע ווינשע פאר אייערע פארהאנדלונגען.
י. שלאסבערג, דזש. סעק. אמאלג. קלאדינג וואירק. פון אמעריקא.

די פאר ארבייטער פון ניו יארק שיקען אייך הערצליכע גרוסען און בעסטע ווינשע צו אייער צוואנציג יעהריגען קאנווענשאן. זאלען אייערע פארהאנדלונגען זיך אויסצייכענען מיט ווייטערדיגען פראגרעס און ערפאלג פאר דער גרויסער באוועגונג, וועלכע איהר רעפרעזענטירט.
דזשאינט באארד פאריערס יוניאן פון ניו יארק
מארים קויפמאן, מענעדזשער.

הערצליכע גראטולאציאן און בעסטע ווינשע פאר ערפאלג אין אייער
פארהאנדלונגען.
יונייטעד קלאטה העט און קעפ מייקערס יונ., מ. צוקערמאן, סע

אונזער הערצליכסטע באגריסונג און ווילקאמען אין אונזער שטאדט, זא
אייער ארבייט געקרוינט ווערען מיט גרויס ערפאלג.
קלאוק און סקוירט מייקערס יונ., לאק 21, נוארק, נ. דזש.

פון טיעפען הארצען באגריסען מיר אייער צוואנציגסטע יובילעאו
קאנווענשאן, זאלען אייערע האנדלונגען פיהרען צו פארשטארקען די הא
מאניע און איינינקייט צווישען אלע טיילען פון דער אידישער ארבייטע
שאפט אין אמעריקא, צו פארווירקליכען זייער אלגעמיינעם אידעאל.
באסטאן דשאינט באארד, אמאלג. קלאד. וואירק., ס. אלבערט, סע

הארציליכע באגריסונגען און בעסטע ווינשע צו אייער צוואנציגסט
קאנווענשאן.
אייער פאר די ערהויבונג פון דער ארבייטער זאך,
פענסי לעדער גודס ארבייטער יוניאן, נ. י

הארצליכע באגריסונג און בעסטע ווינשע אין דעם ווייטערדיגען פרא
גרעס פון אייער ארבייט.
עס לעבט די פאראייניגטע ארבייטער מאכט אין אמעריקא.
היברו עקטארס יוניאן לאק. 1. ח. גרינפעלד, פרעזידענט.

גראטולאציאנען צום 20טען קאנווענשאן פון ארבייטער רינג.
פילאדעלפיער דשאינט באארד אמאלג. קלאד. וואירקערס.

זאל די וואוקס פון אייער מיטגלידערשאפט גלייכצייטיג פארשטארק
רען אייער גייסט, ווידערצושטעהן די אטאקעס פון דער אונפארשעהמט
רעאקציע.
לאקאל 5, אמאלג. קלאדינג וואירקערס.

אונזער הערצליכע גראטולאציאן צו דער צוואנציגסטער קאנווענשאן פ
דעם גרעסטען אידישען ארבייטער ארדען אין אמעריקא, וועלכער האט א
משך פון אזא קורצע צייט, באוויזען צו פאראייניגען זיינע מיטגליד
אונטער דער פאהן פון ארבייטער סאלידאריטעט, און קלאסענבאוואוסטזיי
לאקאל 24, אמאלג. קלאדינג וואירקערס, ח. סעמועלס, סעק.

אונזער הערציליכע באגריסונג צו אייער צוואנציגסטען קאנווענשאן. פ
וועלען קיינמאל ניט פארגעסען אייער אמת ברידערליכע אונטערשטיצונג וו
איהר האט אונז ארויסגעצייגט אין אונזער לעצטען סטרייק. ערפאלג א
אייערע פארהאנדלונגען.
שענדעליער און לאמפען ארבייטער יונ., ס. וואלפערט, ארג.

אין נאמען פון אונזערע 50 טויזענד מיטגלידער באגריסט די ניו יא
דזשאינט באארד אמאלג. קלאדינג וואירקערס דעם צוואנציגסטען קאנווענש
פון א. ר. זאל דער גרויסער מעכטיגער וואוקס פון אייער ארגאניזאצי
פיהרען צו דער ענדליכער באפרייאונג פון דעם ארבייטער קלאס, אויף ד
עקאנאמישען און פאליטישען געביעט.
נ. י. דזשאינט באארד אמאלג. קלאד. וואירק., פ. מאנאט, סע

ערהאלט אונזערע הערצליכע ווינשע, זעצט פארט אייער ארבייט א
דער צוקונפט אויף דעם זעלבען וועג ווי איהר האט עס געטאן אין ד
פארגאנגענהייט — צו פארלייכטערען די צושטענדע פון אייערע מיטגליד
וועלכע זיינען אנגעשלאסען אין דער גרויסער ארמיי פון ארבייטער קלאס.
טיילארס און בייסטערס יוניאן לאק. 2, א. ק. וו.
לואיס לעווין, טשערמאן, דזש. פינקעלשטיין, סעק.

דעלעגאטען, נעהמט צו אונזער פריינדליכע גראטולאציאן און בעס
ווינשע, זאלען אייערע פארהאנדלונגען פארשטארקערען די פאראייניגטע א
בייטער מאכט.
היברו אמעריקאן טיפאגראפיקאל יוניאן, לאק 83
ס. שענפעלד, פרעז., ד. גאלדמאן סעק.

הערצליכע באגריסונג, זאלט אייערע פארהאנדלונגען זיין פאר די אינטע־רעסען פון אייער גרויסער מיטגליעדערשאפט בפרט און פאר דער אלגעמיינער ארבייטער באוועגונג בפרט.

בארבער יוניאן לאק. 752. מ. בריל, סעק.

# ארבייטער ארגאניזאציעס

הארציגע גראטולאציאנען צו אייער צוואנציגסטען געבורטס־טאג. מיט דער קראפט און אידעאליזם פון אייער צוואנציג יעהריגע טעטיגקייט, זאלט איהר אנהאלטען אייער נאבעלען קאמפף פאר דער באפרייאונג פון ארבייטער קלאס.

ברידערליך אייערע
ברוקלין טענענטס יוניאן.

הערצליכע באגריסונג צו אייער צוואנציגסטען קאנווענשאן, זעצט פאר אייער גוטע ערציהונגס ארבייט צווישען די ברייטע אידישע ארבייטער־מאסען.
בראנזוויל לייבאר ליסעאום אסס'ן.

מיר באגריסען אייך און ווינשען אייך ערפאלג אין אייער גוטער ארבייט.
פראוויזיגטע מענעגמס ארגאניזאצ. ר. פערלמוטער, סעק.

הערצליכע גראטולאציאנען צו אייער 20סטע קאנווענשאן, בעסטע ווינשע פאר א נאך שטארקערען און געזונטערען ארבייטער רינג. דער טאן פון אייערע פארהאנדלונגען זאל זיין דורכגעדרונגען מיט שכל, מוטה און ענערגיע און אלע אייערע פארזוכען זאלען געקרוינט ווערען מיט ערפאלג.
נאטוראליזיישאן אייד ליעג, י. ת. ישורין, מענעדזשער.

דער „פאלקס־לייסעאום“ פון איסט ניו יארק שיקט אייך הערצליכע אוןווארימע גרוסען און בעסטע ווינשע צו אייער צוואנציגסטער קאנווענשאן.
ברידערליך אייערע,
מארים שעכטער, טשערמאן, מ. פיין, סעקרעטער.

די אידישע קאאפעראטיווען אין אמעריקא באגריסען די דעלעגאטען צום צוואנציגסטען קאנווענשאן פון ארבייטער רינג. אייער קאנווענשאן איז אויך אונזער קאנווענשאן, ווייל אז ארבייטער רינג איז אויך אפהענגיג די ענט־וויקלונג און כאראקטער פון דער אידישער קאאפעראטיווער באוועגונג אין אמעריקא.

שטירט ווייטער די גאלדענע רינגען פון ארבייטער ברידערליכקייט!
אידישע קאאפעראטיווע פעדעראציע. אהרן סמאלינסקי, סעק.

הערצליכע באגריסונג צו אייער צוואנציג יעהריגע קאנווענשאן. מיר מאכען שוין אלע פארבערייטונגען פאר דער 21טען קאנווענשאן וואס וועט געהאלטען ווערען נעקסטען יאהר אין באסטאן.
לייבאר ליעג קאאפעראטיווער צענטער פון באסטאן.

אייער צוואנציג יעהריגער קאנווענשאן איז פאר אונז א גרויסע באגייס־טערונג. זעצט פאר אייער ארבייט און לאמיר מיט פאראייניגטע קרעפטען ארבייטען פאר א נייע און בעסערע וועלט.
פיורימי קאאפעראטיוו אסס'ן, פעטערסאן.

הארצליכע באגריסונג צו אייער צוואנציגסטען קאנווענשאן. זאל ערפאלג און גליק אייך באגלייטען אויף אייער שטענדיגען מארשרוט צו פראגרעס.
עקזעק. קאמ. פילאדעלפיא לייבאר אינסטיטוט.

זיים געגריסט דעלעגאטען פון א. ר. קאנווענשאן. מיר גראטולירען דעם „רינג“ פון ארבייטער פאר די נאבעלע ארבייט וואס ער האט אויפגעטאן פאר די לעצטע צוואנציג יאהר. מיר האפען אז דורך די פארהאנדלונגען פון דיזער קאנווענשאן וועט דער א. ר. פארמזעצען די אויפקלעהרונגס אר־בייט צווישען זיינע מיטגלידער, און פארשפרייטען דעם געדאנק וועגען קאאפעראציאן.
ארב. רינג קאאפעראטיווע געזעלשאפט. ס. בערנשטיין, סעק.

הערצליכע באגריסונג און בעסטע ווינשע, זאל אייער גוטע ארבייט באגלייט ווערען מיט ערפאלג אין דער צוקונפט.
וויליאמסבורג עדיוקיישאנאל אליאנס פון ארב. רינג.

מיר באגריסען הערצליך אלע דעלעגאטען און ווינשען ערפאלג אין אלע אונטערנעהמונגען.
ארב. רינג ליסעאום ראטשעסטער. מ. האפמאן, פרעז.

אונזערע הערצליכע גראטולאציאנען און בעסטע ווינשע פאר ערפאלגרייכע רעזולטאטען פון אייער קאנווענשאן. זאל דיזע קאנווענשאן מאכען א ווייטערדיגען שריט פארווערטס פאר אונזערע הויכע אידעאלען צו וועלכע מיר אלע שטרעבען.
ארב. רינג קלאב פון לאס אנדזשעלעס סאניטאריום.

מיר, די מעמבערס פון א. ר. וועלכע זיינע יעצט פאציענטען אין דעם נאציאנאלען אידישען האספיטאל פאר קאנסאמפטיוו קראנקע אין דענווער, באגריסען די קאנווענשאן פון א. ר. און ווינשען אייך ערפאלג אין אייער ארבייט פאר א גרעסערען ארבייטער רינג.
הורא פאר דעם ארבייטער רינג.
ס. גארפינקעל.

גראטולאציאנען צו אייער צוואנציגסטען געבורטס קאנווענשאן.
אידישע עקס־פאציענטען היים געזעלשאפט, לאס אנדזשעלעס.

## אידישע ארגאניזאציאנען

מיר שיקען אייך א פריינדליכע און ברידערליכע באגריסונג און מיר ווינשען אייך אן ערפאלגרייכע קאנווענשאן. אין אונזער אנשטאלט געפינען זיך יעצט 71 פון אונזערע אונגליקליכע שוועסטער און ברידער, די צאהל פאציענטען וואס ווארטען אויף נעקסט רעגנרייכט איבער התרעדם. מיר בויען יעצט א נייע געביידע און דיזען יאהר וועלען מיר דארפען הונדערט און פופציג טויזענד דאלאר אויפצוהאלטען דעם סאניטאריום. מיר אפעלירען צו אייך, און דורך אייך צו אלע אייערע ברענטשעס און מעמבערס, צו העלפען דורכפיהרען אונזער נאבעלע ארבייט.
דזשאינט קאנסאמפטיוו רעליעף אסס'ן, לאס אנדזשעלעס, קאל.

די היברו שעלטערינג און אימיגראנט אייד סאסייעטי ווינשט צו די דעלעגאטען פון דער קאנווענשאן ערפאלג אין אלע פארהאנדלונגען. אונזער סאסייעטי שעצט הויך אפ די הילף וואס איהר האט שטענדיג ביינעטראגען צונתסטען פון דער אידישער אימיגראציע, און מיר דריקען אויס די האפ־נונג, אז איהר וועט אייך ווייטער אונז ארויסציינען אייער נאבעלע מיט־ווירקונג.
דזשאהן ל. בערנשטיין, פרעז., ל. מאסייעף, האנ. סעק.

חברים! מיר באגריסען אייער צוואנציג יעהריגע קאנווענשאן. זאלען אייערע אונטערנעהמונגען געקרוינט ווערען מיט ערפאלג. אין נאמען פון די טויזענדע אונגליקליכע אידישע נפשות פון יענער זייט ים באדאנקען מיר אייך פאר דער גרויסער הילף וואס איהר האט זיי געגעבען.
פיפעלס רעליעף קאמיטע. א. גארעליק, סעק.

אונזערע הערצליכע באגריסונגען און גראטולאציאנען צו אייער ארגא־ניזאציאן פאר דער גרויסער, נאבעלער, מענשליכער ארבייט.
דער פערבאנד פון אוקראינער אידען אין אמעריקא, אפעלירען צו אייך איהר זאלט אונז העלפען אין אונזער הייליגער ארבייט, צו לינדערען די ליידען פון אונזערע הילפלאזע ברידער אין אוקראינע.
מיר האפען אז די הארצרייסענדע אפיעלס פון אונזערע פאראונגליקטע קראנקע און הילפלאזע פרויען און קינדער וועלען געפינען אן אבקלאנג אין די הערצער פון די פארטרעטער פון אייער עהרענווירדיגער ארגאניזאציאן.
פאר דעם אוקראינער פארבאנד
אב. באראף, סעק. פאליאקאוו, יוסף באראנדעס.

די פיפעלס רעליעף קאמיטע פון עליזאבעט נ. דזש. אין נאמען ארבייט בר. 47 און 290 וועלכע זענען זעהר טעטיג, שיקט הארציגע גראטולאציעס און בעסטע ווינשע צו אלע דעלעגאטען פון א. ר. און צו אלע דעלעגאטען פון קאנוו.
פיפעלס רעליעף קאמ., עליזאבעט נ. דזש.

דער „איזראעל ארפאן אסיילום“ גראטולירט אייך צו אייער צוואנציגס־טען קאנווענשאן און ווינשט אייך ערפאלג. אונזערע קליינע טייערע יתומים‟ לער שיקען אייך א הארציגע ברכה.
איזראעל ארפאן אסיילום, גוסטאוו הארטמאן, פרעזידענט.

דער „בראנזווילער און איסט ניו יארק האספיטאל אינק.“ שיקט אייך א ווארימע, הערצליכע באגריסונג און ווינשט אייך ערפאלג אין אלע אייערע אונטערנעהמונגען.
באארד אף דירעקטארס.

## ארבייטער רינג אפיס און סאניטאריום

מיין הערצליכע באגריסונג צו דער 20טער קאנווענשאן. דעלעגאטען, זאל דער צוואנציג יעהריגער ערפאלג פון אונזער ארגאניזאציע שטעהן פאר אייערע אויגען, כדי צו ארבייטען מיט נאך מעהר מוטה און ענערגיע פאר דעם אידעאל פון אינטערנאציאנאלען ארבייטער קלאס.
פ. געליעבטער, רעקארדינג־סעק. א. ר.

הארצליכע באגריסונג און גראטולאציאנען פאר אייער נאבעלער ארבייט, בעסטע ווינשע פאר א פארטזעצונג פון בילדונג און פראגרעס און ערפאלג אין די רייהען פון ארבייטער רינג.
לאנג לעבען זאלען דיזע מעכטיגע ארגאניזאציאנען.
לאנג לעבען זאלען די עלעמענטען וואס שטרעבען צו פארבעסערען די לאגע פון די אונטערדריקטע מאסען.
ר. אש, סעק.־טרעזשורער, דעפ. א. ר. ניו יארק.

איך בין מיט אייך אין גייסט, איך שיק אייך מיינע בעסטע וואונשע פאר ערפאלג אין אלע אייערע אונטערנעהמונגען.
אייערער פאר אן ערפאלגרייכען ארב. רינג,
דר. י. ב. פיש, מעד. דיר. סאנים. פון א. ר., ליבערטי, נ. י.

אונזער הערצליכע באגריסונג און עהרליכע וואונשע פאר דעם ערפאלג פון אונזער ליעבע ארגאניזאציאן.
פאציענטען פון א. ר. סאניטאריום, ליבערטי, נ. י.

סיטי און דיסטריקט קאמיטעס פון א. ר.

אונזער הערצליכע גראטולאציאן צו דער צוואנציגסטער קאנווענשאן. זאל גוטער שכל און שעהנער יושר אין אייערע איצטיגע האנדלונגען ווירקען צו פארגרעסערען און פארשטארקערען אונזער שעהנע ארגאניזאציאן. מיר פרעהען זיך הערצליך מיט דעם וואס דער א. ר. איז געווארען געזעצליך אין קענעדע און האפען צו האבען די עהרע אז די נעקסטע קאנווענשאן זאל זיין אין טאראנטא, קענעדע.
טאראנטער סיטי קאמיטע א. ר., ת. סטיין, סעק.

די סיטי סענטראל קאמיטע פון שיקאגא גראטולירט די דעלעגאטען פון צוואנציגסטען קאנווענשאן פון א. ר., וויגשענדיג זיי ערפאלג אין זייער צוקונפטיגע ארבייט.
ת. לאפינסקי.

פריינדע! אונזער הארציגע באגריסונג צו אייך, זאל איינינקייט און הארמאניע הערשען אין אייער גוטע ארבייט.
דיסטריקט קאמיטע פון א. ר., הארטפארד, קאנ.

אונזער הארציגע באגריסונג. צוזאמען מיט אייך ווילען מיר פאראייניגט צו מאכען אונזער א. ר. וואס גרעסער, שעהנער און איינפלוסרייכער.
פעטערסאן סיטי און דיסטריקט קאמ. פון א. ר., א. פעלצמאן, סעק.

נעממט צו אונזער הארציגע באגריסונג און בעסטע ווינשע פאר אן ער־פאלגרייכען קאנווענשאן. מיר ערווארטען אייך אין פראווידענס אין 1921.
סיטי קאמיטע, פראווידענס, ר. א., י. ראטענבערג, סעק.

מיר וועלען, ווי אימער ווידמענען אונזער צייט און ענערגיע צו מאכען אונזער שעהנעם „רינג“ ערפאלגרייך אין אלע אונטערנעהמונגען.
דיסטריקט ארג. קאמ. פילאדעלפיא. ס. עטינגער, סעק.

די נארטה וועסטערן דיסטריקט קאמ. ווינשט אייך ערפאלג אין אייערע פארהאנדלונגען. זאלען אלע אייערע באשליסע זיין דורכגעדרונגען מיט די פרינציפען און דעקלאראציעס פון די וואס האבען געלעגט דעם גרונדשטיין פון אונזער שעהנע ארגאניזאציאן.
ום. בישאף, סעק.

די סיטי ארב. קאמ. פון באלטימאר, באגריסט דעם צוואנציגסטען קאנ־ווענשאן. לאמיר קומען צום נעקסטען קאנווענשאן מיט א פאראייניגטער ארמעע פון התדערט טויזענד אידישע ארבייטער אין אונזער ארב. רינג.
א. בערלינסקי, סעק.

די דיסטריקט קאמ. פון דעטראיט באגריסט די דעלעגאטען פון צוואנציג־סטען קאנווענשאן. מיר האפען אז די פארהאנדלונגען און באשלוסען פון דיזער קאנווענשאן וועלען פיהרען דעם ארב. רינג צו ווייטערדיגען פראגרעס און ערפאלג אויף אלע געביעטען.
ב. דאקסער, סעק.

## ארבייטער רינג שולען

די הארלעמער ארב. רינג שול באגריסט די צוואנציגסטע יובילעאום קאנווענשאן פון א. ר. און וויעשען ערפאלג. מיר שאצען אפ די גרויסע ארבייט אויפ'ן געביעט פון אידישע שולען ביז היינט, און מיר ערווארטען אז די קאנווענשאן וועט טאן דאס בעסטע פאר דער ווייטערדיגער ענטוויק־לונג פון די שולען.
הארלעם.

גרויס און מעכטיג איז דער ארב. רינג, גרויס און מעכטיג זיינען זיינע אויפגאבען. די קולטורעלע טעטיגקייט פון א. ר. איז לעצטען יאהר פאר־גרעסערט געווארען מיט דער ערעפנונג פון קינדער שולען, און מיר זיינען זיכער אז דער א. ר. וועט די קינדער־שולען אוועקשטעלען אויף א געזוי־כערטען פונדאמענט. מיר ווינשען אייך ערפאלג אין אייער ארבייט.
סיטי עדיוקיישאנאל קאמיטע א. ר., שיקאגא.

## באגריסונגען פון איינצעלנע פריינד

הערצליכע באגריסונג צו אלע דעלעגאטען, זאל אונזער צוקונפטיגער ערפאלג זיין דער זעלבער ווי דער פון דער פארגאנגענהייט.
מ. י. אשפיז, געוועזענער נאצ.־דירעקטאר פון נ. י. סטייט.

הערצליכע גראטולאציאן. זאלען אייערע פארהאנדלונגען זיין דער גרויסען לייכטענדער פאקעל אין די איצטיגע שווערע און שווארצע טעג.
ל. ארקין, סעק. נייעשאנאל באארד אף דירעקטארס, א. ר.

בעסטע ווינשע צו דער געלעגענהייט פון אייער צוואנציגסטער קאנ־ווענשאן. עס טהוט מיר לייד וואס ס'איז מיר אונמעגליך אייך צו באגריסען אין נאמען פון דער קראפאטקין לימערעטור סאסייעטי, איך האף אז די קאנווענשאן וועט ניט פארגעסען דיזע ארגאניזאציאן און איהר שטיצען ווי אלע יאהר.
דר. י. מעריסאן.

איך באגריס דעם א. ר. צו זיין צוואנציג יעהריגען יובילעאום קאנווענ־שאן. דער א. ר. אלס א טייל פון דער ארבייטער באוועגונג פיהרט דורך זיין ציעל פאר דער אויסבעסערונג פון די סאציאלע און עקאנאמישע צו־שטענדע פון זיינע מיטגלידער בפרט און פאר דער גאנצער מענשהייט בכלל.
ב. דאקסער, מעמבער נאצ. באארד אף דירעקטארס פון מישיגען.

הערצליכע גראטולאציאן און ווארימע באגריסונג צו אלע דעלעגאטען, קאמיטעס און בעאמטע פון א. ר. איהר מעגט מיט רעכט שטאלץ זיין אויף די טעטיגקייט פון די לעצטע צוואנציג יאהר. זאל די צוקונפט פון אונזער ארגאניזאציאן זיין נאך מעהר גלאררייכער, ווי אין דער פארגאנגענהייט.
באריס פינגערהוד.

הערצליכע גראטולאציאן. מיט הונדערט טויזענד מעמבערס זאלען מיר קומען צום נעקסטען קאנווענשאן אין באסטאן.
הערי טיטעלמאן, געוועזענער נאצ. דיר., פענסילווייניא סטייט.

זאל ערפאלג מיטגעהן אין אייערע צוקונפטיגע אונטערנעהמונגען. א חיים פאר די עלטערע מיטגלידער, איז מיין הייסער וואונש.
י. ס. פרענקאוויץ, פילאדעלפיא.

גראטולאציאן. זאל איינינקייט און הארמאניע הערשען אין אייערע פארהאנדלונגען צו פארגרעסערען און פארשטארקערען אונזער ארגאניזאציאן.
לואיס אוזדען, מעמב. בר. 75.

איך ווינש אייך גרויס ערפאלג. עס לעבע דער ארבייטער רינג!
הערי ל. יאבלינסקי.

הערצליכע באגריסונג. זאלען אייערע פארהאנדלונגען פיהרען דעם א. ר. צו ווייטערדיגען פראגרעס.
מ. שטראסמאן, שיקאגא.

זייט געגריסט דעלעגאטען, ערפאלג זאל באגלייטען אייער ארבייט.
פעדערמאן, שיקאגא.

גראטולאציאן און בעסטע ווינשע פאר ערפאלג.
פ. צעכנאוויץ.

---

## ברענטשעס פון לייבאר ליעג

ברענטש 5, לייבאר ליעג גראטולירט דעם א. ר. צו זיין צוואנציג יעה־ריגען קאנווענשאן. זאלען אייערע פארהאנדלונגען זיין ערפאלגרייך. און זאלען מיר אין גיכען האבען איין א. ר. אין אמעריקא.
ברענטש 5 לייבאר ליעג, באסטאן, מאסס.

זאלען אייערע פארהאנדלונגען זיין פאר דעם דויערהאפטען פראגרעס פון דעם ארבייטער קלאס, מיר ווינשען אייך צו קענען האלטען די נעקסטע קאנ־ווענשאן אין באסטאן.
ברענטש 9, לייבאר ליעג, מאלדען, מאסס.

גראטולאציאן צו אייער צוואנציגסטען קאנווענשאן און בעסטע ווינשע פאר ערפאלגרייכע און הארמאנישע פארהאנדלונגען. מיר האפען אז דיזער קאנווענשאן וועט אונז ברענגען נעהנטער צו אונזער ציעל: צו ווערען פאראייניגטע מיט דעם גרויסען אידישען ארבייטער ארדען — דעם א. ר.
ברענטש 17 לייבאר ליעג, פיילעם, מאס. ל. גארדאן, סעק.

אונזערע בעסטע ווינשע צו אייער צוואנציגסטען קאנווענשאן. מיר האפען אייך צו באגעגענען נעקסטען יאהר ביי אונז אין באסטאן.
אייערע פאר איין ארבייטער רינג אין אמעריקא.
לייבאר ליעג ברענטש 18, באסטאן.

גראטולאציאן צו אייער צוואנציגסטען קאנווענשאן. זאלען די רעזולטא־טען פון אייערע פארהאנדלונגען ברענגען די מעגליכקייט צו האלטען דעם נעקסטען קאנווענשאן אין מאסאטשוזעטס סטייט.
ברענטש 86 לייבאר ליעג, טשעלסי, מאסס.

---

## ארבייטער רינג ברענטשעס

גראטולאציאן צום צוואנציגסטען קאנווענשאן. זאלען אייערע פאר־האנדלונגען געקרוינט ווערען מיט ערפאלג. פארגעסט ניט אז דער חיים פאר עלטערע מעמבערס.
ברענטש 1, א. ר., ניו יארק, ל. גינזבורג, סעק.

באגריסונג און בעסטע ווינשע פאר ערפאלג.
ברענטש 2 א. ר. ניו יארק.

בעסטע גראטולאציאן און וואונש פאר א ווייטערדיגען ערפאלג.
ברענטש 4 א. ר., ברוקלין.

טייערע פריינדע, מיר באגריסען אייך הערצליך. מיר זיינען מיט אייך, מיט'ן הארץ און מיט דער נשמה.
ברענטש 12, א. ר., פילאדעלפיא,
ב. ביכאווסקי, טשערמאן, מ. בארדין, סעק.

אונזער הארציגע באגריסונג. בעסטע ווינשע פאר גרויס ערפאלג אין אייערע אונטערנעמונגען. לאמיר ווייטער אנהאלטען אונזער אויפקלע־רונגס ארבייט צווישען די אידישע ארבייטער, וועלכע איז אזוי נויטיג אין די יעצטיגע רעאקציאנערע צייטען. מיר האפען צו האבען דעם נעקסטען קאנווענשאן אין פראווידענס.
בר. 14, א. ר., פראווידענס, ר. א. ד. באראטץ, סעק.

גראטולאציאן און בעסטע ווינשע. הונדערט טויזענד מעמבערס צום נעקסטען קאנווענשאן.
ברענטש 15, א. ר., הארטפארד, קאנג. ת. אייכעלמאן, סעק.

ברענטש 17 א. ר. גראטולירט דער נאצ. עקז. קאמיטע מיט איהר גלענ־צענדע ארבייט פאר'ן לעצטען יאהר, מיר ווינשען דעם קאנווענשאן ערפאלג אין די פארהאנדלונגען פאר דער צוקונפט.
בר. 17 א. ר., ניו הייווען, קאנג., מ. רויס, סעק.

הערצליכע גראטולאציאן צום צוואנציגסטען יובילעאום קאנווענשאן. ערפאלג אין אייער ארבייט.
ברענטש 18, א. ר., גלאווערסוויל, נ. י.

הערצליכע גראטולאציאן צום צוואנציג יעהריגען קאנווענשאן פון אונ־זער גרויסען ארבייטער רינג.
בר. 28, א. ר. ניו יארק. וו. ווערבער, טרעזש.

גענאסען! ערהאלט אונזער הערצליכען גליק וואונש.
ברענטש 32 א. ר., שיקאגא, איל.

הערצליכע גראטולאציאן און בעסטע ווינשע פאר אן ערפאלגרייכען קאנ־ווענשאן.
בר. 52 א. ר., ניו יארק.

בעסטע ווינשע פאר ערפאלג אין דער צוקונפט.
ב ברענטש 53 א. ר., ניו יארק.

טייערע פריינדע, ערהאלט אונזער הערצליכע גראטולאציאן צום צוואנ־ציגסטען קאנווענשאן פון אונזער באליעבטען א. ר. ערפאלג אין דער צוקונפט.
ברענטש 72 א. ר. ניו יארק.

גראטולאציאן און בעסטע ווינשע אין אייער צוקונפטיגע אונטערנעמונגען
ברענטש 75 א. ר., ד. סאוויט, סעק.

ברענטש 92 א. ר. באגריסט אלע דעלעגאטע, גראטולירט דער נאצ. עקזעק. קאם., פאר זייער גוטע ארבייט. לאמיר האפען אז אין 1921 וועט אונזער ארמעע דערגרייכען ביז הונדערט טויזענד. עס לעבע די ארבייטער באוועגונג!

ברענטש 92 א. ר. וואשינגטאן, ד. ס. מ. דעניסאן סעק.

בעסטע ווינשע פאר ערפאלג אין אייער ארבייט, זאל דער ארבייטער רינג וואקסען אין מאכט און אין איינפלוס.
ברענטש 93 א. ר., מ. קראניש, סעק.

גראטולאציאן און בעסטע ווינשע צום צוואנציגסטען קאנווענשאן. זאל שלום און אחדות הערשען אין אלע אייערע פארהאנדלונגען פאר דעם ער־פאלג פון נעקסטען יאהר.
בר. 99 א. ר., ניו יארק.

ערפאלג זאל באגלייטען די ארבייט פון צוואנציגסטען קאנווענשאן.
לוידים ברענטש 101 ניו יארק.

מיר ווינשען אייך ערפאלג אין דער ארבייט.
בר. 110 א. ר., פראווידענס. י. פאוולאוו, סעק.

ברענטש 116, א. ר. צוזאמען מיט'ן ניו ראשעלער לאקאל סאצ. פארטיי פארזאמעלט ביי דעם טען מאי יום טוב שיקען אייך א הערצליכע און ווארימע באגריסונג.
י. שומאכער, סעק.

בעסטע ווינשע פאר ערפאלג.
בר. 120, ריטשמאנד, ווא., ס. פאטאשניק, סעק.

מיר גראטולירען אלע בעאמטע און דעלעגאטען פון דעם צוואנציגסטען קאנווענשאן און מיר ווינשען דעם ארבייטער רינג ערפאלג אין דער צוקונפט.
בר. 126, אטלאנטיק סיטי. ל. יאהרענהיים, סעק.

מיר גראטולירען אלע דעלעגאטען און ווינשען אז די ארבייט פון קאנ־ווענשאן זאל זיין קאנסטרוקטיוו און פרוכטבאר, מיר ווינשען צו האבען דעם נעקסטען קאנווענשאן אין שיקאגא.
בר. 127 א. ר. מש. שפיגעלגלאס, סעק.

א הערצליכע באגריסונג פון ברענטש 128, נארוויטש קאנג.
י. פישקין, סעק.

גראטולאציאנען. מיר ווינשען אייך ערפאלג. פארוועדטס מיט אייער ארבייט.
בר. 136 ניו יארק.

ביי א גוט באזוכטען מיטינג שבת דעם 1טען מאי איז באשלאסען גע־ווארען אויסצודריקען א דאנק צו דער נאצ. עקזעק. קאם. און צו אלע בעאמטע פון א. ר. פאר דער גוטער ארבייט וואס זיי האבען געטאן אין פארלויף פון יאהר. מיר באגריסען אלע דעלעגאטען און מיר ווינשען אז דער קאנ־ווענשן זאל אויפנעהמען די פראגע ווענען אויפבויען אן איינענעם נאציאנא־לען האום אפיס. מיר פארפליכטען זיך צו שטיצען דיזע אונטערנעמונג מאראליש און אויך פינאנציעל. עס איז אויך אונזער וואונש אז די קאנ־ווענשאן זאל אונטערשטיצען די קאנסומערס קאאפעראטיווע באוועגונג פי־נאנציעל אזוי גוט ווי מאראליש, זאל די ארבייט פון קאנווענשאן געקרוינט ווערען מיט ערפאלג. עס לעבע דער ארבייטער רינג.
בר. 149 א. ר., ניו יארק. י. וואלטערס, ס. בערנשטיין.

מיר גראטולירען דער נאצ. עקזעק. קאם. און אלע דעלעגאטען פון אונזער יובילעאום קאנווענשאן. מיר ווינשען צו האבען דעם נעקסטען קאנווענשאן ביי אונז אין שטאדט מיט הונדערט טויזענד מעמבערס.
בר. 152 א. ר. ראטשעסטער, נ. י. מ. האפמאן, סעק.

גראטולאציאן און בעסטע ווינשע פאר ערפאלג אין אייער גוטע ארבייט.
בר. 155, טאלידא, אהייא. ה. דייוויס, סעק.

הערצליכע באגריסונג. לאמיר ווייטער אנהאלטען אונזער וואונדערבארען וואוקס, און ארבייטען פאר דער אמנעסטיע באוועגונג.
ברענטש 171 א. ר., לואיסטאון, מעין.

באגריסונג. ערפאלג אין דער ארבייט.
ברענטש 176 שיקאגא.

בעסטע ווינשע אין דער ארבייט פון אונזער צוואנציגסטען קאנווענשאן.
בר. 184 א. ר. הארטפארד, קאנג. גאדקיס, סעק.

הערצליכע באגריסונג. זאל די ארבייט פון צוואנציגסטען קאנווענשאן זיין ערפאלגרייך.
בר. 195 א. ר. ניו יארק.

הערצליכע גראטולאציאן. מיר שאצען אפ די גוטע ארבייט וואס איז געטאן געווארען פאר קינדער. די נעקסטע קאנווענשאן אין טאראנטא וועט אונז זיין זעהר ווילקאמען.
בר. 220 א. ר., טאראנטא, קענעדע.

באגריסונג. זאלען אייערע פארהאנדלונגען זיין אין די אינטערעסען פון'ם ארבייטער קלאס בכלל און פאר די מיטגלידער פון א. ר. בפרט.
ברענטש 229 א. ר. ניו יארק.

מיר זיינען שטאלץ מיט דער ארבייט פון א. ר. ביז צו זיין צוואנציגס־טען קאנווענשאן און מיר ווינשען אז אין דער צוקונפט זאל דער א. ר. נאך זיין מעהר ערפאלגרייכער.
בר. 231 א. ר. ניוארק. ס. רובינשטיין, סעק.

ערהאלט אונזערע גראטולאציאנען צו אונזער צוואנציגסטען יאהרעספעסט.
ברענטש 235 א. ר. ניו יארק.

דאס ניי־געבוירענע קינד — זאשטאוו־לאקעשיקער ברענטש 239 וואס איז געבטען דעם 4טע מאי געגרינדעט געווארען אין פילאדעלפיא, גראטולירט דעם צוואנציג יעהריגען עקזיסטענץ פון א. ר.
פ. טייל, סעק.

גראטולאציאן. בעסטע ווינשע פאר אן ערפאלגרייכע קאנווענשאן. די נעקסטע קאנווענשאן זאל געהאלטען ווערען אין פראווידענס.
ברענטש 251 א. ר. פראווידענס, ר. א.

הונדערט טויזענד מעמבערס צום נעקסטען קאנווענשאן. פארוועדטס פאר'ן סאציאליזם.
בר. 264 א. ר. שיקאגא.

ערפאלג און פראגרעס אין אייער ארבייט.
ברענטש 268 א. ר. יאנקערס, נ. י.

גראטולאציאן און בעסטע ווינשע פאר ווייטערדיגען ערפאלג. לאנג לעבען זאל אונזער ארבייטער רינג.
ברענטש 292, רעדינג, פא.

גראטולאציאן צום צוואנציגסטען קאנווענשאן. מיר שאצען אפ די גוטע ארבייט וואס די נאצ. עקזעק. קאם. האט פאר אונז געטאן. מיר האפען צו האבען דעם נעקסטען קאנווענשאן ביי אונז אין שטאדט.
ברענטש 293 א. ר., טאראנטא, קענעדע.

הערצליכע באגריסונג. גענאסען! זעצט פארט דעם קאמף פאר אונזער הייליגען אידעאל, — דעם סאציאליזם.
בר. 302 פאלסבורג, נ. י., א. י. פאנטער, סעק.

זייט געגריסט דעלעגאטען. זאל אייער ארבייט ביי דיזען קאנווענשאן ברענגען גוטע רעזולטאטען פאר אונזער ליעבען ארדען — דעם א. ר.
ברענטש 304, סעאטעל, וואשינגטאן.

מיר גראטולירען דעם צוואנציגסטען קאנווענשאן פון א. ר. זאלען אייערע פארהאנדלונגען זיין ערפאלגרייך.
בר. 305 פילאדעלפיא. ס. דארדיק, א. עטינגער, קאמיטע.

מיר זיינען באגייסטערט פון דער גוטער ארבייט פון א. ר. מיר ווינשען אז אייערע באשליסע זאלען ברענגען גוטע רעזולטאטען פאר אונזער גרוי־סער מיטגלידערשאפט.
ברענטש 312 א. ר. מעמפיס, טענעסי.

גראטולאציאן. מיר גלויבען אז די נעקסטע קאנווענשאן וועט זיין אין טאראנטא.
ברענטש 318, טאראנטא, קענעדע.

באגריסונג צום צוואנציגסטען קאנווענשאן. עס לעבע אונזער גרויסע ארגאניזאציאן.
ברענטש 322, ניו־יארק.

הערצליכע באגריסונג צום צוואנציגסטען קאנווענשאן.
ברענטש 333, א. ר., ניו יארק.

(פארזעצונג פון די טעלעגראמען אויף זייט 62)

# רעפערענדום פון דער 20טער יעהרליכער קאנווענשאן

1. בענעפיט. מעמבערס וועלכע ווערען קראנק אויף קאנסאמפ־שאן אידער זיי זיינען 6 מאנאטען אין א. ר., זאלען זיין בערעכטיגט צו קאנסאמפשאן בענעפיט נאכדעם ווי זיי וועלען זיין פולע 6 מאנאטען אין א. ר.

פאַר געגען

2. סאניטאריום. א) צו העכערען די צאהלונגען פאר דעם אויפ־האלטונגס פאנד אויף 5 ס. פון מעמבער פער קווא.

פאַר געגען

ב) יעדער אויסגעשלאסענער פאציענט האט דאס רעכט צו אפע־לירען צו דער סאניטאריום קאמ. און צו דער נאצ. עקזעק. קאמ., פאר זיין רעאינסטייטמענט אין סאניטאריום, און די ענטשיידונג פון דער נאצ. עקזעק. קאמ. זאל זיין בינדענד.

פאַר געגען

3. ארגאניזאציאן. ביי די נאמינירען קאנפערענצען פאר דיסטריקט און סיטי קאמיטעס און נאציאנאלע באארד אוו דירעקטארס, זאלען די בראנטשעס האבען די זעלבע פערטרעטערשאפט ווי ביי די קאנפערענצען צו נאמינירען דעלעגאטען צום קאנווענשאן.

פאַר געגען

4. עדיוקיישאנאל ארבייט. א) דער בודזשעט פאר'ן „פריינד" זאל געהעכערט ווערען מיט 5 סענט פון מעמבער פער קווארטאל.

פאַר געגען

ב) שולען: די צאהלונגען פאר די שולען זאלען געהעכערט ווערען מיט 3 סענט פער עממבער פון קווארטאל.

פאַר געגען

5. פערוואלטונג. (אמענדמענט צו דער קאנסטיטושאן).

א) צו ארטיקעל 4 זאל צוגעזעצט ווערען פאלגענדער פונקט: יעדער בראנטש מוז מיטען ניט ווייניגער ווי איין מאל א מאנאט.

פאַר געגען

ב) יעדער פארגעשלאגענער קאנדידאט, וועלכער נעהמט ארויס א טויזענד דאלאר פאליסי, מוז איינצאהלען דעם ערשטען קווארטאל פאר'ן מארטשוארי פאנד.

פאַר געגען

ג) מעמבערס, וועלכע טראנספערירען זייער אינשורענס צו טויזענד דאלאר, מוזען צוצאהלען דעם ערשטען קווארטאל דעם אונטער־שיעד צום מארטשוארי פאנד, פון דער סומע וואס זיי זיינען אינשורט ביז טויזענד דאלאר.

פאַר געגען

ד) אפשאפען דעם פונקט פון דעם לעצטען קאנווענשאן רעפע־רענדום וואו עס לעזט זיך: אז פאר נאציאנאלע בעאמטע אדער דע־לעגאטען צום קאנווענשאן, מוז געשטימט ווערען דורך אינדיווידועלע באלאטס, און עס זאל בלייבען ווי פארגעשריבען אין ארטיקעל 20, פונקט 7 פון אונזער קאנסטיטושאן.

פאַר געגען

ה) צו ארטיקעל 11, פונקט 4, זאל צוגעשטעלט ווערען: אויב די אויסטייטשונג פון דער נאציאנאלער באארד אוו דירעקטארען געגען די ענטשיידונג פון א פערוואלטענדער קאמ. פעראורזאכט אז א מעמ־בער זאל אויסגעשלאסען ווערען פון א. ר., בלייבט דאס רעכט פון דער נאציאנאלער עקזעק. צו ברענגען די פראגע צו דער קומענדער קאנווענשאן, און דער מעמבער זאל ביז דער ענטשיידונג פון דער קאנ־ווענשאן נים קאנען אויסגעשלאסען ווערען פון ארב. רינג.

פאַר געגען

ו) ווען א נייער בראנטש גרינדעט זיך, קאן 1 קאנדידאט פון יעדע 15 אריינגענומען ווערען פון 45 ביז 50 יאהר אלט.

פאַר געגען

ז) נייע מעמבערס אין עלטער פון 45 ביז 50 יאהר, זאלען צאה־לען פאר'ן קראנקען פאנד לויט א ספעציעל בעשטימטע טאבעלע, אויסגעארבייט פון אונזער עקטשוערי.

פאַר געגען

(פערוואלטונגס פאנד).

ח) צו העכערען די צאהלונגען פאר דעם אדמיניסטריישאן פאנד אויף 4 סענט פער מעמבער א קווארטאל.

פאַר געגען

ט) מיטגלידער פון 3טען קלאס, זאלען צאהלען צום אדמיניס־טריישאן פאנד 8 סענט פער קווארטאל, אנשטאט 6 ווי ביז יעצט.

6. קאנווענשאן. די איין און צוואנציגסטע קאנווענשאן זאל געהאלטען ווערען אין פראווידענס אדער קענעדע*).

פאַר געגען

*) עס ווערט דערביי פערשטאנען אז די נאצ. עקז. זאל האבען דאס רעכט צו באשטימען, אין וועלכער שטאדט אין קענעדע די קאנ־ווענשאן זאל געהאלטען ווערען, און אויב דער א. ר. וועט דיזען יאהר ווערען געזעצליך אין מאכט, זאל די קאנווענשאן געהאלטען ווערען אין באסטאן.

פאַר געגען

7. פארשידענעס. א) די עקז. זאל אויך דיזען יאהר האבען דאס רעכט צו שטיצען פארשידענע האספיטאלס און אויף דעם קאנען אויסגעבען ביז 5000 דאלאר.

פאַר געגען

ב) גוטגעהייסען די אויסצאהלונגען צו די דעלעגאטען פון דער 20טער קאנווענשאן צו 12 דאלאר א טאג.

פאַר געגען

8. שטיצע. (צו אלגעמיינע ארבייטער ארגאניזאציאנען).

צו שטיצען דעם בילדינגס פאנד פון דער חיברו אימיגראנט אייד סאסייעטי מיט 10,000 דאלאר. דאס געלד דארויף זאל קאלעקטעט ווערען דורך א בייסטייערונג פון די מעמבערס.

פאַר געגען

די „לעבענס פראגען", ארגאן פון „בונד" אין פוילען מיט $1000.

אמנעסטיע באוועגונג מיט 2000 דאלאר*).

ניו יארק „קאל", 1000 דאלאר.

רענד סקול, 500 דאלאר.

אידישע סאציאליסטישע פעדעראציע, 500 דאלאר.

„נייע וועלט", 500 דאלאר.

לאס אנדזשעלעס סאניטאריום, 1000 דאלאר.

דענווער סאניטאריום, 500 דאלאר.

„מעסענדזשער", ארגאן פון די נעגער ארבייטער, 250 דאלאר.

נאטוראליזיישאן אייד ליעג, 200 דאלאר.

לאס אנדזשעלעס ארב. רינג רעליעף, 1000 דאלאר.

דענווער ארב. רינג רעליעף, 500 דאלאר.

„פרייע ארבייטער שטימע", 300 דאלאר.

בית יתומים איזראעל ארפאן אסיילום, 100 דאלאר.

פאליטיקאל דעפענס (געוועזענער רויטער קרייץ), 500 דאלאר.

פאר די גאליציישע אידיש־סאצ. צייטונגען, „דער וועקער" און „דאס נייע לעבען", 100 דאלאר.

ס. פ. בילדינגס פאנד, 500 דאלאר.

אידישע קאאפעראטיווע פעדעראציע, 50 דאלאר.

די סטרייקער אין סאן פראנציסקא דורך בר. 114 א. ר., 50 דאלאר.

נוארקער שטאדטישע ארגאניזאציאנען:

גמלת חסדים, 25 דאלאר.

לוידיעס רעליעף האספיטאל, 150 דאלאר.

מושב זקנים, 50 דאלאר.

דזשי גוירסערי, 50 דאלאר.

הכנסת אורחים, 25 דאלאר.

מלביש ערומים, 50 דאלאר.

עסעקס קאונטי סאצ. פארטיי, 100 דאלאר.

בראנטש 3, סאצ. פארטיי, 50 דאלאר.

„ניו דזשוירזי ליעדער", סאצ. צייטונג, 50 דאלאר.

ארבייטער רינג דראמאטיק קלאב, 50 דאלאר.

י. פ. ס. ל. לייברערי, 25 דאלאר.

פעטערסאן כאהר, 100 דאלאר.

ארב. רינג לייסעאום, נוארק, 500 דאלאר.

קאנווענשאן ארראנדזשמענט קאמיטע, 100 דאלאר.

פרעזענטירען דעם קאנווענשאן סעקרעטאריאט מיט 50 דאלאר.

*) די עקזעקוטיווע זאל דיזע געלדער צוטיילען צו די דעפענס ארגאניזאציאנען ווי זי וועט געפינען פאר נויטיג.

ז. שפיער, י. ה. גאלדבערג, י. טאליסמאן, סעקרעטאריאט.

**דער רעפערענדום וועגען דער פרינציפען ערקלערונג וועט ארייין אין אויגוסט נומער.**



# פון דער ארבייטער רינג שול באוועגונג

באריכט פא'ם ערשטען צוזאמענפאהר פון די אידישע ארבייטער רינג שולען.

(אפגעהאלטען אין ניו יארק, דעם 29טען און 30טען אפריל און 1טען מאי, 1920).

די זיצונגען פון דער קאנפערענץ זיינען אפגעהאלטען געווארען אין דער געביידע פון דער הארלעמער א. ר. שול.

### ערשטע זיצונג (דאנערשטאג נאכמיטאג)

די קאנפערענץ ווערט ערעפענט פון פ. י. שטיינבוים, אינ'ם נאמען פון ניו יארקער בילדונגס־קאמיטעט פון א. ר. פארזיצער פון דער זיצונג איז געווען פ' יעקב לעווין, וואס האט געהאלטען די ערעפנונגס־רעדע. באגריסונג רעדעס זיינען געהאלטען געווארען פון א. עפשטיין, פרעזידענט פון א. ר.; מאד. האנא סאלוצקי, אינ'ם נאמען פון דער אידישער סאצ. פעדעראציע; י. ב. ביילין, סעקר. פון נאצ. בילדונגס־קאמ. פון א. ר.; פ. האלמשטאק, פארטרעטער פון דעם שלום עליכם פאלקס־אינסטיטוט; י. באסקין, גענעראל סעק. פון א. ר.; ש. ניגער, בארעטענדיגער דעלעגאט צום צוזאמענפאהר; מ. ל. שער, פארטרעטערין פון קינדער קלוב פון דער הארלעמער א. ר. שול (פרעזענטירענדיג די דעלעגאטען מיט א קראנץ בלומען); פ' מארמאר, דעלעגאט פון שיקאגא'ער פערטאגען־ראט; און פון י. שטיינבוים, אינ'ם נאמען פון דער ניו יארקער א. ר. שול קאמיסיע.

נאך די באגריסונגען, גיט די דעלעגאטען קאמיסיע א פאלגענדען באריכט:

אויפ'ן צוזאמענפאהר זיינען פארטראטען 25 א. ר. שולען מיט 36 דעלעגאטען אויסער דעם פארטרעטער פון דער איד. סאצ. פעדעראציע און פון דער נאצ. עקזעק. פון א. ר., און איינגעלאדענע געסט. אלע דעלעגאטען ווערען צוגעלאזען.

די דעלעגאטען:

ניו יארקער שולען (4): בראנזווילער שול: ראזענצווייג (לערער), רוביגסקי (פארוואלטער): הארלעמער שול: יעקב לעווין (לערער). שקלאר (פארוואלטער; וויליאמסבורגער שול: ברעסלער (לערער), זאקהיים (פארוואלטער); דאון טאונער שול: י. שטיינבוים (לערער).

שיקאגאער שולען (4): פערלמאן און טאטארסקי (לערער), קאליש און צווערבאך (פארוואלטער), דר. גאלין און מארמאר פון פעדג. ראט.

טאראנטער (קענעדע) שולען (2): מאטענקא (לערער), קאהען (פארוואלטער).

פילאדעלפיער שולען (3): כאנין (לערער), נעכאוויץ (פארוואלטער).

באלטימאר שול: גלאזמאן (לערער), ברוידע (פארוואלטער.

פעטערסאנער שול: דראגונסקי (לערער), ב. לייב (פארוואלטער).

ראטשעסטער שול: געלבארט (לערער), טרפ. זאקהיים (פארוואלטער).

בעיאנער שול: אסטראווסקי (לערער).

וועסט ניו יארקער שולען (2): ברייטמאן (לערער).

ראק אוילענדער שול: ראזענפעלד (לערער).

אטלאנטער שול: דייוויס (פארוואלטער).

ניו הייווענער שול: מייזעל (לערער), ציפערמאן (פארוואלטער).

מילוואקער שול: הזשייקאבסאן (פארוואלטער).

ווילמינגטאנער שול: טענענבלאט (לערער).

ניו יארקער א. ר. מוזיק שול: זיסעלמאן, דירעקטאר.

שיקאגאער מוטער פעראיין: א. ליטווין.

ס'ווערען ערוועהלט פאלגענדע פיער קאמיסיעס: 1) א פראגראם קאמ. 2) א קאמיסיע פאר אויסגאבען (זשורנאלען, קינדער ליטעראטור א. אז. וו.) 3) א קאמ. פאר פארוואלטונג פארמען און 4) א קאמיסיע פאר ארגאניזאציע און באציהונגען.

די ערשטע זיצונג שליסט זיך 7.30 אין אווענט. פון 8 ביז 12 ביינאכט זיינען פארגעקומען די זיצונגען פון די פיער קאמיסיעס, אין וועלכע ס'זיינען געווען פארטראטען אלע דעלעגאטען צום צוזאמענפאהר.

### צווייטע זיצונג, (פרייטאג 11 אינדערפריה).

פארזיצער פון דער זיצונג: דר. גאלין פון שיקאגא. דער פראטאקאל פון דער ערשטער זיצונג ווערט פארגעלעזען און אנגענומען. ס'קומען פאר וואלען פאר א שטענדיגען סעקרעטאריאט, און די פ. שטיינבוים (נ. י) און ראזענפעלד (ראק איילענד) ווערען ערוועהלט.

באריכטען פון די ערטער (אויסצוגען פון די באריכטען):

דייוויס פון אטלאנטא: די שול עקזיסטירט 2 וואכען. איצטער לערנען 49 קינדער: 27 אינגלאך און 22 מיידלאך. איין לערערין.

ברוידע פון באלטימאר: די שול עקזיסטירט 3 מאנאטען. עס לערנען איצטער ארום 100 קינדער. אינגלאך און מיידלאך. 2 לערער. כמעט יעדער א.ר. ברענטש פון שטאט צאהלט איין דאל. א יאהר שטייער פאר יעדען מיטגליד. האבען א פרויען קלוב, וואס העלפט דער שול. האלטען אין ארגאניזירען א צווייטע שול. (דער לערער גלאזמאן דערגאנצט דעם באריכט).

די באריכטען פון די ערטער ווערען איבערגעריסען, כדי אויסצוהערען דעם באריכט פון בילדונגס־קאם. אזוי ווי דער פארטרעטער פון בילדונגס־קאם. איז ניט אנוועזענד, גיט פר. יעקב לעווין אפ דעם באריכט:

די ארבייט פון בילדונגס־קאם. איז דערהויפט באשטאנען אין אגיטאציע פאר דער שול־באוועגונג, און מ'האט זיך ניט געאיילט אין עפענען א סך שולען, ווייל ס'זיינען ניט געווען גענוג לערער. צוליב דעם דוחק, האט מען א סך שטעט רעקאמענדירט די שולען ניט צו עפענען. כדי דעם דוחק אביסעל צו באזייטיגען, האט דער בילדונגס־קאם. געעפענט א דריי מאנאטליכען קורס פאר אינטעליגענטע מענשען, וואס זאלען זיך פארפאלקאמענען אין די נויטיגסטע לימודים. כמעט אלע וואס האבען דעם קורס געענדיגט, זיינען איצטער באשעפטיגט אין די שולען. דער בילדונגס־קאם. האט אויך ארויסגעגעבען א בראשור, וואו ס'געפינען זיך די נייטיגסטע אינפארמאציעס וועגען עפענען אן א. ר. שול, און א פראגראם פון לימודים פאר די ערשטע פיער יאהר. די בראשור איז צוזאמענגעשטעלט געווארען פון יעקב לעווין. איצטער פארמאגען מיר 29 שולען. כדי די שולען זאלען זיך אוועקשטעלען אויף א געזונטע פינאנציעלע פונדאמענט, איז איינגעארדענט געווארען, אז א קינד זאל בלויז לערנען דריי מאל אין וואך, און אויף אזא אופן, קען איין לערער לערנען מיט א גרעסערע צאהל קינדער דורך דער גאנצער וואך, ווי אין די שולען, וואו מ'לערנט 5 מאל אין וואך. אין עטליכע שטעט, האט דער בילדונגס־קאם. געשיקט מענשען, כדי די שולען צו ארגאניזירען. דער צוזאמענפאהר איז גערופען געווארען מיט'ן צוועק, כדי אויסצוארבייטען א גענויע פראגראם און זעהן, אז די שולען זאלען געפירט ווערען איינהייטליכער, ווי ביז אהער.

ס'ווערען פארגעלעזען באגריסונגס־טעלעגראמען פון די שיקאגאער לערער, פון די קינדער פון דער דאגלאס פארק (שיקאגא) שול און פון שיקאגאער עלטערן־פעראיין, עס ווערען פארגעזעצט די באריכטען פון די ערטער:

אסטראווסקי פון בעיאן: אונזער שול עקזיסטירט 3 יאהר. די ערשטע צוויי יאהר איז זי געווען א נאצ. ראדק שול. מיט א יאהר צוריק, איז זי איבערגעגאנגען צום א. ר. אין דער שול לערנען קינדער. אינגלאך און מיידלאך. איין לערער. האבען ניט קיין געזאנג־לערער. פאראן א קינדער־קלוב.

מאטענקא פון טאראנטא: אונזערע שולען עקזיסטירען שוין 9 יאהר, אונטער'ן נאמען פרץ־שולען. לעצטען אקטאבער זיינען זיי אריבער צום א. ר. מיר האבען איצטער צוויי שולען. אין דער ערשטער שול לערנען 301 קינדער. 221 מיידלאך און 80 אינגלאך. אין דער צווייטער שול (די קינדער פון דער שול זיינען ס'רוב דערוואקסענע אינגלאך און מיידלאך. זיי לערנען חומש אין אריגינאל). האבען דריי הויפט־לערער, דריי געהילף־לערער, איין לערער פאר העבר. און א לערער פאר געזאנג. אויסער דעם האלטען די שולען אויס קורסען פאר דערוואקסענע.

ס'ווערט פארגעלעזען א באגריסונגס־בריעף פון קאהען, שילערין פון שול נומער איינס, שיקאגא, אין נאמען פון די קינדער.

די באריכטען פון די ערטער ווערען אפגעלייגט צו א צווייטער זיצונג, און מ'טרעט צו צום פונקט „מוזיק אין דער א. ר. שול".

צום דאזיגען פונקט ווערען געהאלטען רעפעראטען פון מ. געלבארט, (ראטשעסטער), י. פיראזשניקאוו (נ. י.), און ש. גאלוב (נ. י.). אלע זייערע רעקאמענדאציעס ווערען איבערגעגעבען דער פראגראם קאם.

די זיצונג ווערט געשלאסען 2:30 נאכמיטאג.

### דריטע זיצונג (3:30 נאכמיטאג)

פארזיצער: קאליש פון שיקאגא. א באגריסונגס־טעלעגראמע ווערט פארגעלעזען פון דער שיקאגאער וועסט סייד שול.

ס'ווערען ווידער אויפגענומען די באריכטען פון די ערטער:

טענענבלאט פון ווילמינגטאן: אונזערע אידישע איינוואוינער זיינען ס'רוב סוחרים, וועמען אזא שול אינטערעסירט נים. מיר נויטיגען זיך אין אן ארגאניזאטאר. די שול עקזיסטירט 9 מאנאטען. געעפענט האט זי זיך מיט 8 קינדער. איצטער לערנען 29.

ניו יארקער שולען — שקלאר פון דער הארלעמער שול: אונזער שול עקזיסטירט 18 מאנאטען. פאר דער צייט האבען זיך פארשריבען קרוב צו 600 קינדער. איצטער לערנען 272 קינדער. 162 אינגלאך און 110 מיידלאך (183 קינדער קומען פון א. ר. מיטגלידער). די שול האט דריי לערער, א חוץ א ספעציעלען געזאנג־לערער, און סעקרעטער. ווען אין קורצען עפענען אן אפטיילונג פאר פיאנע, פידעל און מאנדאלין. האבען דריי קינדער־קלובען.

רובינסקי פון דער בראנזווילער שול: די שול עקזיסטירט ארום א יאהר צייט. געעפענט האט זי זיך מיט 28 קינדער. איצטער לערנען 151. פון זיי 86 אינגלאך און 65 מיידלאך. האבען א קינדער־קלוב, וואס ארגאנזשירט איינענע קאנצערטען. איין לערער.

ברעסלער פון וויליאמסבורג שול: די שול עקזיסטירט 20 מאנאטען. איצטער לערנען 150 קינדער. אינגלאך און מיידלאך. צוויי לערער און א געזאנג־לערערין. האבען אן אפטיילונג פאר פיאנע און פידעל.

(די פערטע נ. י. א. ר. שול האט זיך ערשט ארגאניזירט, און ס'איז דערפאר ניטא קיין באריכט).

מ'נעהמט איבער צום פונקט „פראגראם פון די א. ר. שולען", וועגען וועלכען עס האלט א רעפעראט יעקב לעווין. וועגען דער פראגראם רעדען אויף י. שטיינבוים און א. ש. זאקס. נאכדעם רעפעראט קומט א רעפעראט פון ל. לעהרער, איבער „קינדער־קלובען" און א רעפעראט פון ה. כורגין, וועגען „יום טובים אין די א. ר. שולען".

צווישען אכט און צעהן אין אווענט איז פארגעקומען די אפיציעלע נראדואירונג פון די, וואס האבען געענדיגט די א. ר. לערער־קורסען. ס'זיינען אנוועזענד געווען די געענדיגטע, די לערער פון די קורסען, און ס'רוב דעלעגאטען צום צוזאמענפאהר.

ביינאכט איז פארגעקומען א באנקעט לכבוד די דעלעגאטען.

### פערטע זיצונג, שבת 12 בייטאג.

פארזיצער ברוידע פון באלטימאר.

באריכטען פון די ערטער:

שיקאגאער שולען (באריכט אפגעבער: טאטארסקי, קאליש, מארמאר): אונזערע שולען עקזיסטירען 9 מאנאטען. געעפענט האבען מיר דריי שולען מיט אמאל. איצטער האבען מיר געעפענט א פערטע. אין די שולען לערנען ארום 600 קינדער. אלע שולען האבען איין געמיינשאפטליכע פארוואלטונג. די דאגלאס־פשול האט 143 קינדער. 82 אינגלאך און 61 מיידלאך. וועסט סיידער שול: 188 קינדער. 72 אינגלאך און 66 מיידלאך. ענגלוואודער שול: 35 קינדער. 20 אינגלאך און 15 מיידלאך. נארד סיידער שול: 224 קינדער. 65 פראצענט אינגלאך.

ס'ווערען פארלעזען טעלעגראמען און באגריסונגען פון באלטימארער שול, פון די קינדער־קלובען: „רעפובליק", שיקאגא, און פון דער דאגלאס פט. שול, שיקאגא.

ח' י. גאלדמאן (נ. י.) האלט א רעפעראט וועגען דעם ווי צו פירען די קלאס־זשורנאלען און וועגען דער פארם פון פארשיעדענע קארטלעך. צווישען אנדערעס, שלאגט ער פאר, אז מ'זאל איינפירען, 1) א שילער־זשורנאל (מיט א באזונדער בלאט פאר יעדען קינד) און 2) א קלאס־זשורנאל (סמאטיסטיק וועגען גאנצען קלאס). אויסער דעם א באזונדערען איינשרייב־בוך פאר'ן אפיס. קעגען די רעקאמענדאציעס טרעט ארויס יעקב לעווין; פאר די רעקאמענדאציעס — י. שטיינבוים. אזוי ווי די צייט איז צו קורץ צו באטראכטען די רעקאמענדאציעס גענוי, ווערען זיי איבערגעגעבען צו דער שול־קאמיסיע, וואס זאל ארויסשיקען עטליכע פארמען פון זשורנאל־פירונג צו אלע שולען פאר עקספערימענטירונג.

אזוי ווי די צייט איז צו קורץ, ווערען אלע איבעריגע פארטראגען אראפגענומען פון טאג־ארדענונג. די זיצונג ווערט איבערגעריסען אויף צוויי שעה, כדי די קאמיסיעס זאלען קענען פארענדיגען זייער ארביים.

### פינפטע זיצונג, שבת 6 אווענט.

פארזיצער מארמאר פון שיקאגא.

באשלאסען, אז די שולען, וואס האבען נאך נים אפגעגעבען קיין באריכטען, זאלען זיי צושטעלען שריפטליך צום סעקרעטאר.

באריכט פון קאמיסיעס:

י. שטיינבוים פאר דער פראגראם־קאמיסיע:

דער קורס אין די א. ר. שולען.

די פראגראם קאם. שלאגט פאר: אז דער קורס אין דער א. ר. שול זאל באשטעהן פון צוויי טיילען: 1) אן עלעמענטארער קורס, און 2) א העכערער קורס.

דער קורס פון דער עלעמענטארער שול זאל זיין א פיעריעהריגער. איינגעטיילט אין פאלגענדע קלאסען: א—1, א—2, ב—1, ב—2, ג—1, ג—2, ד—1, ד—2.

אלס פראגראם פון לימודים פאר דער עלעמענטארער שול, נעמט דער צוזאמענפאהר אן די פראגראם, ווי זי איז אויסגעדריקט אין דעם ביכעל „די אידישע א. ר. שול" (ארויסגעגעבען פון בילד. קאמ.) פון זייט 11 ביז 34, מיט'ן אויסנאם פון די איבונגען פאר'ן העברעאישען עלעמענט אין פערטען יאהר (ז. 31), וואס זאלען פארביטען ווערען מיט אנדערע כללים (די שול־קאמ. דארף צושטעלען צו יעדער שול א נייעם צעטעל כללים); דער טייל רעטאריק (ז. 32) ווערט איינגעצען ארויסגענומען פונ'ם פערטען יאהר.

דער צוזאמענפאהר פאדערט אויף דעם בילדונגס קאמ. אויסצואַרבייטען א גענויע פראגראם פאר דער העכערער שול, און זאל זי פאנאנדערשיקען צו אלע שולען צו באטראכטען.

דער צוזאמענפאהר פאדערט אויף אלע א. ר. שולען נאכצופאלגען די פראגראם, אזוי נאהענט ווי מעגליך.

אויב א שול געפינט, אז געוויסע ענדערונגען דארפען איינגעפירט ווערען אין פראגראם, זאל זי וועגען דעם מודיע זיין דער נאצ. שול קאמיסיע. נאר די לעצטע האט דאס רעכט אזעלכע ענדערונגען איינצופירען.

ציעל פון די א. ר. שולען:

דער ציעל פון דער א. ר. שול איז פונ'ם צוזאמענפאהר אויסגעדריקט געווארען אויף אזא אופן:

צובינדען דאס אידישע ארבייטער־קינד צום אידישען ארבייטער־קלאס, און צוגרייטען איהם פארצוזעצען דעם קאמף פון זיינע עלטערען פאר א בעסערער צוקונפט.

לעגענדעס אין די א. ר. שולען.

דער צוזאמענפאהר אנערקענט דעם גרויסען פאעטישען ווערט פון די אלטע אידישע לעגענדעס פון תנ"ך און פון די מדרשים, דעם ערציהערישען ווערט פון א גרויסען טייל פון זיי, און זייער באדייטונג אלס עלעמענטען פון דער אלטער אידישע געשיכטע: ער נעמט אבער אויך אין אכט אין דערזעלבער צייט, אז זעהר פיעל פון אט די לעגענדעס זיינען דורכגעדרונגען מיט א רעליגיעזען עלעמענט, וואס אנטשפרעכט ניט דער וועלטליכקייט פון די א. ר. שולען.

דער צוזאמענפאהר באשליסט דעריבער, אז אינ'ם קוריקולום פון דער א. ר. שול זאלען אריינגעפיהרט ווערען די לעגענדעס אנהויבענדיג ניט פריהער, ווי פון די לעגענדעס וועגען די אבות, און אויך נאר די פון זיי, וואו דער עלעמענט פון רעליגיע און גאט איז ניט דער הערשענדער; און ער גיט איבער דעם בילדונגס־קאמ. צו שאפען א קאמיסיע (וועלכע זאל אריינגעהמען אויך זייטיגע קאמפעטענטע פערזאנען), וואס זאל אויסארבייטען א גענויען צעטעל פון לעגענדעס פאר די א. ר. שולען.

וועגען לימוד פון געשיכטע

דער צוזאמענפאהר רעקאמענדירט אויסצופראווען די אויסשטעלונג פונ'ם געשיכטע־לימוד פאר א באזונדערען לערער אין שולען, וואו עס איז פאראן מעהר ווי איין לערער, אדער אויסשטעלען דעם געשיכטע־לימוד אזוי, אז קינדער פון איין עלטער און אנטוויקלונג זאלען לערנען צוזאמען.

דער העברעאישער עלעמענט

דער צוזאמענפאהר אנערקענט: 1) אז כדי די קינדער זאלען גוט וויסען דעם העברעאישען עלעמענט פון דער אידישער שפראך, וועלכער איז אן אומצייכבארער און זעהר וויכטיגער טייל איהרער, איז נויטיג, אז עס זאל אט דעם עלעמענט אפגעגעבען ווערען געוויס צייט שוין אנהויבענדיג פונ'ם צווייטען יאהר אן.

2) אז כדי די קינדער זאלען קאנען באוואוסטזיניג אויפנעהמען און ריכטיג פארשטעהן אלע העברעאיש־אידישע ווערטער און באזונדערס די העברעאישע אויסדריקען און זאצען, וועלכע ווערען אפט באנוצט אין דער אידישער שפראך, איז אויסערדעם נויטיג, אז אינ'ם לעצטען (פערטען) קלאס זאל מען די קינדער נאך באקאנט מאכען מיט די עלעמענטארסטע כ ל ל י ם פון דעם העברעאישען עלעמענט אין אידיש, וועלכע זיינען אומבאדינגט נויטיג. דער שול־קאמיסיע ווערט איבערגעגעבען אויסצואַרבייטען א צעטעל פון אט די כללים און צושיקען זיי איבער די שולען.

ארטאגראפיע

דער צוזאמענפאהר באשליסט:

1) אז אלע א. ר. שולען זאלען ביי זיך איינפיהרען איינע און די זעלבע ארטאגראפיע.

2) דער צוזאמענפאהר נעהמט אן די באשלוסען פון דער ניו יארקער אידישער ארטאגראפישער קאמיסיע און מאכט זיי אבליגאטאריש פאר אלע שולען.

3) די אלע פונקטען, וועגען וועלכע די ארטאגראפישע קאמיסיע האט נאך ניט באשלאסען, זאלען פארהאנדעלט ווערען אין א קאמיסיע, וואס דער בילדונגס־קאמ. זאל ערוועהלען און וועלכע זאל אויב מעגליך, ארבייטען צוזאמען מיט דער ארטאגראפישער קאמיסיע. די באשלוסען, וואס וועלען דערביי אנגענומען ווערען, זאלען פאנאדערגעשיקט ווערען צו אלע א. ר. שולען.

יום־טובים

דער צוזאמענפאהר באשליסט, אז די פאלגענדע יום־טובים זאלען געפייערט ווערען אין די א. ר. שולען:

1) פסח — אלס באפרייאונג יום־טוב פון די אידען.

2) ל"ג בעומר — אלס אנדענק פונ'ם קאמף פון בר־כוכבא און ר' עקיבא.

3) דער ערשטער מאי — אלס יום־טוב פון ארבייטער־ברידערליכקייט און אלס אויסדרוק פון אלוועלטליכען שלום.

4) חנוכה — אלס יום־טוב פון באפרייאונג פון גריכישען יאך.

5) 18טער מערץ — יום־טוב פון קאמף פון ארבייטער פאר זייער באפרייאונג.

6) פורים — אלס קינדער יום־טוב (פון נעהן פארשטעלט, שיקען שלח־מנות און אנדערע פארוויילונגען) 15 פאר; 7 קעגען.

7) 4טער יולי — באפרייאונג פון אמעריקא.

8) 12טער פעברואר (לינקאלנס געבורטסטאג) — באפרייאונג פון די נעגערס.

9) רוסישע רעוואלוציע (דער צוזאמענפאהר לאזט איבער צו יעדער שול די אויסוואהל פונ'ם טאג).

10) סוכות — איין טאג.

די פייערונג פון שבועות — אלס נאטור־יום־טוב ווערט פונ'ם צוזאמענפאהר אפגעווארפען מיט 12 שטימען געגען 11.

באמערקונג: ס'ווערט פארשטאנען, אז די לערער דארפען דערקלערען פאר די קינדער די באדייטונג פון יעדען יום־טוב, אפילו פון די, וואס ווערען אין די קלאסען ניטש געפייערט, ספעציעל פאר די עלטערע קינדער.

קינדער־קלובען

א. דער צוזאמענפאהר אנערקענט דעם גרויסען סאציאלען און עטישען ווערט פון קינדער־קלובען, וואו די קינדער לערנען זיך אוים צו לעבען און האנדלען געמיינשאפטליך, און פאדערט דערפאר אויף די לערער צו ארגאניזירען אין יעדער שול אזעלכע קינדער־קלובען, וואס זאלען שטעהן אונטער זייער אויפזיכט.

(די מיטגלידער פון אזא קלוב, דארפען זיין ניט יינגער פון 9 יאהר).

ב. ווי אן אנווייז, מיט וואס די קינדער־קלובען קענען זיך באשעפטיגען, רעקאמענדירט דער צוזאמענפאהר פאלגענדע פונקטען:

1) דער קלוב זאל זיך איינשאפען אן איינענע קינדער־ביבליאטעק און זי אליין פארוואלטען;

2) איינארדנען געוועטען אין פארשידענע פארוויילונגען און ספארטען (ווי באל, שאך, א. אז. וו.)

3) דורכפיהרען איינענע קאנצערטען אויף די זיצונגען פון קלוב (יעדעס קינד גרייט צו דאס, צו וואס עס פיהלט זיך פעהיגער).

4) דורכפיהרען דיסקוסיעס און דעבאטען וועגען אלגעמיינע און שול־פראגען (צווישען די מיטגלידער פון איין קלוב, אדער צווישען עטליכע קלובען).

5) דורכפיהרען איינענע עפענטליכע קאנצערטען.

6) ארויסגעבען אן איינענעם קינדער־זשורנאל.

7) האבען די אויפזיכט איבער דער דעקאראציע און ריינקייט פון די קלאסען.

8) אויסטיילען פון זיך א ספעציעלע דראמאטישע און געזאנג־גרופע.

9) איינארדנען ארויספאהרען און באזוכען אין מוזעאומס און אנדערע אינטערעסאנטע פלעצער.

10) שאפען שריפטליכע באציהונגען צווישען קלובען פון פארשידענע שטעט.

1) אויסטיילען פון זיך ריכטער, וואס זאלען שליכטען די סכסוכים צווישען די מיטגלידער (מיט'ן לערער אלס אויפזעהער).

12) זאמלען פארשידענע אינטערעסאנטע מאטעריאלען (אריינרעכענדיג וויצען, שפאסען, מעשות וועגען חיות, א. אז. וו.)

געזאנג אין די א. ר. שולען.

א. דער צוזאמענפאהר פאדערט אויף אלע שולען איינצופיהרען ביי זיך אן איינהייטליכען רעפערטואר לידער.

ב. כדי דאס דורכצופיהרען, ווערט דער בילדונגס קאמ. אויפגעפאדערט פאנאנדערצושיקען צו די שולען 1) א צעטעל פון יענע לידער, וואס אלע קינדער מעגען זינגען; 2) לידער בלויז פאר קליינע קינדער, און 3) לידער פאסיג פאר גרעסערע קינדער.

ג. דער צוזאמענפאהר פאדערט אויף דעם ב. ק. צו באשאפען א קאמיסיע וועמעס אויפגאבע זאל זיין 1) צו פאראינטערעסירען ריכטער אין דער באשאפונג פון נייע קינדער־לידער, און 2) זעהן אז ס'זאלען געשאפען ווערען נאטען סיי צו די אלטע טעקסטען, און סיי צו די נייע.

ד. די דאזיגע נייע טעקסטען און נאטען זאלען פאנאנדערגעשיקט ווערען צו די שולען.

ה. די ב. ק. זאל באטראכטען די מעגליכקייט פון ארגאניזירען א ספעציעלען זומער־קורס פאר די געזאנג־לערער פון די שולען.

קינדערגארטנער

דער צוזאמענפאהר פאדערט אויף דעם ב. ק. אויסצואַרבייטען פלענער פאר קינדערגארטנער, און זעהן, אז די נייטיגסטע מאטעריאלען דערפאר זאלען געשאפען ווערען.

מר. יעקב לעווין גיט אפ א באריכט פאר דער אויסגאבען־קאמיסיע. עס ווערען אנגענומען פאלגענדע רעזאלוציעס:

קינדער־זשורנאל

דער צוזאמענפאהר אנערקענט, אז כדי צו באפרידיגען די גרויסע באדערפניש אין גוטען און צוגענגליכען לעז־מאטעריאל פאר די קינדער, איז אומבאדינגט נויטיג צו האבען א קינדער־זשורנאל, וואס זאל אנטשפרעכען דעם גייסט פון די א. ר. שולען, און דערגאנצען זייער ערציהערישע ארבייט.

אזוי אבער, ווי ס'זיינען שוין ערשינען צוויי נומערן פון א קינדער־זשורנאל ארויס. פון די שלום עליכם פאלקס־שולען, און אזוי ווי די לעצטע האבען זיך אפיציעל געווענדט צום צוזאמענפאהר מיט א פארשלאג צו פאראייניגען די קרעפטען ביים ארויסגעבען א קינדער־זשורנאל, וואס זאל באפרידיגען ביידע טיפען שולען, רעקאמענדירט דער צוזאמענפאהר, אז דער בילד. קאמ. זאל זיך שטעלען אין פארבינדונג מיט די ארויסגעבער פונ'ם דערמאנטען זשורנאל, און אין פאל זיי וועלען איינגעהן אויף די באדינגונגען פונ'ם נאמען, פראגראם, און רעדאקציע פונ'ם זשורנאל, זאל דער בילד. קאמ. נעמען דעם נויטיגען אנטייל אין דער אויסגאבע פון דעם זשורנאל..

לערער־זשורנאל

דער ערשטער צוזאמענפאהר פון די א. ר. שולען אנערקענט 1) אז עס איז אומבאדינגט נויטיג צו האבען א ספעציעלע שריפט, וואו עס זאלען פארהאנדעלט ווערען אלע פראגען וואס האבען א וועלכע ס'איז שייכות צו ארבייטער שולען; 2) אז עס איז אויך נויטיג, אז אט די שריפט זאל פארשפרייטען צווישען דעם ברייטען ארבייטער עולם דעם געדאנק פון דער ארבייטער שול, און וועגען דער ערציהונג פון די קינדער, וואס וועט דערביי מיטהעלפען צו פארבינדען די עלטערן מיט דער שול; דעריבער רעקאמענדירט דער צוזאמענפאהר דעם בילד. קאמ. גלייך צוצוטרעטען צו דער אויסגאבע פון אזא זשורנאל, וואס זאל באפרידיגען סיי די באדערפענישען פון די לערער און מוער פון די א. ר. שולען, און סיי פון די עלטערן בכלל.

דער צוזאמענפאהר רעקאמענדירט, אז דער בילד. קאמ. זאל אסיגנירען 1000 דאלאר צו דעקען דעם מעגליכען דעפיציט פון אזא זשורנאל.

דער צוזאמענפאהר באאויפטראגט דעם בילד. קאמ. צוזאמענצושטעלען די רעדאקציע פונ'ם זשורנאל, און דריקט אויס דעם וואונש, אז צום זשורנאל זאלען צוגעצויגען ווערען אלע קרעפטען, וואס קענען ביישטייערן צום ערפאלג פונ'ם זשורנאל.

לערער־קורסען

וויסענדיג דעם זעהר גרויסען דוחק אין לערער, רעקאמענדירט דער צוזאמענפאהר צום בילד. קאמ. ווידער אנצופיהרען לערער־קורסען, אויף צוצוגרייטען לערער פאר די א. ר. שולען.

נעמענדיג אבער אין באטראכט, אז דריי אדער זעקס מאנאטען זיינען ווייט ניט גענוג אויף צוצוגרייטען לערער פאר די שולען, רעקאמענדירט דער צוזאמענפאהר, אז די קורסען זאלען געדויערן וויינינגסטענס 9 מאנאטען אדער א גאנץ יאהר.

דער צוזאמענפאהר רעקאמענדירט אויף דעם בילד. קאמ. צו באטראכטען די מעגליכקייט פון פארבינדען די א. ר. לערער־קורסען מיט דעם אידישע לערער־סעמינאר.

לערער־ביוראָ

דער צוזאמענפאהר פאדערט אויף דעם בילד. קאמ. צו גרינדען א קאמיסיע ביורא, וואס זאל קאנען אויסנוצען די מעגליכע קאנדידאטען פאר לערער־שטעלעס איבער'ן גאנצען לאנד.

לעהר־ביכער.

דער צוז. פאדערט אויף דעם בילד. קאמ. צו גרינדען א קאמיסיע, וועלכע זאל איבערקוקען די אלע לעהר־ביכער, פאר די קינדער שולען, וועלכע וועלען צו איהם צוגעשטעלט ווערען, און העלפען ארויסגעבען די פון זיי, וועלכע ער וועט געפינען פאר די פאסיגסטע פאר די צוועקען פון די א. ר. שולען.

שול־מכשירים

דער צוזאמענפאהר רעקאמענדירט, אז דער בילד. קאמ. זאל ביי זיך איינארדנען א לאגער פון שול־מכשירים, ווי באוועגליכע אלף־בית'ען, העפטען, זשורנאלען, בילדער, מוסטערן פון קארטלאך א. ד. גל. און ארויסגעבען די, וואס מ'קען זיי גרייט ניט קריגען.

### קאליש (שיק.) פאר דער פארוואלטונגס־קאמיסיע

דער צוזאמענפאהר באשליסט, אז די פארוואלטונג פון יעדער א. ר. שול זאל ערוועהלט ווערען פון דעם ברענטש פונ'ם א. ר. אדער פון די ברענטשעס פון א. ר. פון דער שטאדט, אדער געגענד פון שטאדט, וואו די שול געפינט זיך, אויף א ספעציעלער קאנפ. גערופען פאר דעם צוועק. (8פאר, 5 קעגען).

אין א געגענד פון א שטאדט אדער אין א שטאדט, וואו עס איז פאראן מעהר ווי איין שול, זאל געשאפען ווערען א געמיינשאפטליכע פארוואלטונג פון אלע שולען פון דער געגענד אדער שטאדט און די פארוואלטונג זאל דערוויילט ווערען אויף א קאנפערענץ פון אלע ברענטשעס פון דער געגענד אדער שטאדט.

אין א שטאדט, וואו עס זיינען פאראן מעהר ווי איין פארוואלטונג, דארף עקזיסטירען א פאראייניגטע שול קאמיסיע פון פארטרעטער פון די פארוואלטונגען און פון די לערער. די קאמיסיע דארף פארהאנדלען און באשליסען די אלע פראגען, וואס האבען א שייכות צו מעהר ווי איין שול, דארף רעקאמענדירען און גוטהייסען לערער און אנדערע אנגעשטעלטע פון יעדער שול. דאס לעצטע ווארט בייט אנשטעלען וועמען עס איז, געהערט דער באטרעפענדער שול.

אין יעדער שול, דארף עקזיסטירען א פעדאגאגען־ראט פון לערער און טוער פון דער פארוואלטונג, וואס זאל אויפפאסען 1) אז די אנגענומענע פראגראם זאל דורכגעפיהרט ווערען אין דער שול, 2) באטראכטען פארשידענע סכסוכים צווישען די לערער אין דער פארוו. 3) פראגען וועגען אויסשליסען קינדער, א. ד. ג.

ס'איז ווינשענסווערט, אז ביי יעדער שול זאל געגרינדעט ווערען אן עלטערן־פאראיין פון די עלטערן, וואס שיקען זייערע קינדער אין דער שול, און זיינענן מיטגלידער פון א. ר.

דער פאראיין זאל אויך האבען א פארטרעטער אין דער שול־פארוואלטונג.

די פארוואלטונג פון דער שול זאל האבען דאס רעכט צוציהען צום פעדאגאגען־ראט זייטיגע פערזאנען, וועלכע זי געפינט פאר נויטיג.

### ראזענפעלד פאר דער ארג. קאמיסיע

#### נאמען פון די שולען.

דער נאמען פון אלע שולען זאל זיין: „אידישע ארבייטער רינג שול“. עס זאל אבער אויך ערלויבט זיין צו האבען א ביינאמען, ווי אידישע סאציאליסטישע א. ר. שול; י. ל. פרץ א. ר. שול; א. ד. גל.

#### שול־קאמיסיע.

דער צוזאמענפאהר רעקאמענדירט דעם בילד. קאם. 1) ער זאל גרינדען אין ניו יארק א ש ו ל ־ ק א מ י ס י ע, וואס זאל איהם העלפען אנצופיהרען די ארבייט פון ארגאניזירען און קאנטראלירען די שולען איבער'ן לאנד און בכלל אין דער גאנצער שול־ארבייט. 2) ער זאל גרינדען אויך אין שיקאגא אזא שול קאמיסיע, וועלכע זאל איהם העלפען אנצופיהרען די שול־ארבייט אין דער וועסט, און וואס זאל שטעהן אונטער דער אויפזיכט פון דער נאצ. בילד. קאמיטעט.

#### שול־באריכטען.

יעדע שול ווערט פארפליכטעט צוצושטעלען צום בילד. קאם. אין אנהויב פון יעדען מאנאט א באריכט פונ'ם צושטאנד פון דער שול פאר דעם פארגאנגענעם מאנאט לויט א געוויסען איינהייטליכען מוסטער.

דער בילד. קאם. ווערט אויפגעפאדערט אפצודרוקען דעם נויטיגען פראגעבויגען דערצו און פאנאנדערשיקען איהם אין אלע שולען.

איין מאל אין 6 מאנאטען צום 1טען יולי און דעם 1טען יאנואר דארף יעדע שול אויסערדעם צושיקען צום ב. ק. א גענויעם באריכט פון איהר טעטיגקייט פאר דער צייט.

#### העכערונג פון טעקס.

נעמענדיג אין אנבאטראכט 1) אז די באוועגונג פון די א. ר. שולען איבער'ן לאנד צוואוקסט זיך און אז אויסער די 29 שולען, וואס עקזיסטירען איצט, וועלען אין משך פון דעם נעקסטען יאהר געגרינדעט ווערען ווייר

ניגסטענס נאך אמאל אזוי פיעל שולען, 2) אז מיט דעם וואוקס פון די שולען, פארגרעסערען זיך זייערע באדערפעניסען פון פארשידענע ליטעראטור, ווי א לערער־זשורנאל, א קינדער־זשורנאל, קינדער ליטעראטור, און אין לערער־קורסען אויף א ברייטערען מאסשטאב,

געפינט דער צוזאמענפאהר, אז דער איצטיגער טעקס פון 5 סענט א קווארטאל איז ווייט צו ווייניג צו באפרידיגען אפילו אויף דעם מיניסאלסטען אופן די באדערפעניש פון די א. ר. שולען באוועגונג אלס גאנצע, און בעט דעריבער די קאנוועגשאן צו באשטימען ארויסצושיקען אויף א רעפערענדום צו די א. ר. מיטגלידער א העכערען טעקס פון 10—15 סענט א קווארטעל.

### צוזאמענפאהרען און זייער קאמפעטענץ

דער צוזאמענפאהר רעקאמענדירט, אז די ווייטערדיגע צוזאמענפאהרען פון די אידישע א. ר. שולען זאלען האבען פאלגענדע קאמפעטענץ:

1) וועגען אלע פראגען, וואס האבען א ריין־אינערליכען שול־כאראקטער — ווי די מעטאדען פון לערנען, ארטאגראפיע, פארמען פון זשורנאלען א. ד. ג. זיינען די באשלוסען פון צוזאמענפאהר ענדגילטיגע.

2) וועגען פארגען, וואס האבען א שייכות צו פראגראם. צו דער פארם פון פארוואלטונג, צו אויסנאבען און אלץ, וואס איז פארבונדען מיט וועלכע עס איז הוצאות פונ'ם שול פאנד, טראגט דער צוזאמענפאהר ארויס רעקאמענדאציעס צום בילד. קאם., וואס באקומען די קראפט פון באשלוסען נאך דעם, ווי זיי ווערען גוטגעהייסען פונ'ם בילד. קאם. און פון דע עקזעק. פונ'ם א. ר.

3) דער צוזאמענפאהר פון אלע א. ר. שולען זאל פארקומען איין מאל אין יאהר אין דער וואך פאר דער א. ר. קאנוועגשאן.

### דעלעגאציע צו דער קאנוועגשאן

דער צוזאמענפאהר באשליסט צו שיקען צו דער 20סטער א. ר. קאנוועגשאן אין נוארק א דעלעגאציע פון דריי, וואס זאל פארברענגען פאר דער קאנוועגשאן די רעקאמענדאציעס פונ'ם צוזאמענפאהר און זיי דארט פארטיידיגען.

### פארשידענע רעזאלוציעס

#### באציהונגען צו אנדערע שולען

דער צוזאמענפאהר פאדערט אויף די שול־קאמיסיע אויסצוארבייטען א דעקלאראציע אין וועלכער עס זאל פעסטגעשטעלט ווערען אונזער שטעלונג צו אנדערע שולען.

#### פארעפענטליכען די פארהאנדלונגען

דער צוזאמענפאהר פאדערט אויף דעם בילד. קאם אז ער זאל אויף א געוויסען אופן פארעפענטליכען די פארהאנדלונגען פונ'ם צוזאמענפאהר.

#### פראטעס־רעזאלוציע געגען די לאסק־בילס.

דער צוזאמענפאהר דריקט ענערגיש אויס זיין פראטעסט געגען די פארשידענע אזוי גערופענע לאסק־בילס, וואס זיינען לעצטענס דורכגעגאנגען די ניו יארקער לעגיסלאטור און וועלכע צילען צו אונטערדריקען די פרייהייט פון אונטערריכט און פון בילדונג.

דער צוזאמענפאהר פראטעסטירט אויך געגען דער אונטערדריקונג פון אידיש אין ניו יארק דערמיט, וואס מען ערלויבט נים צו באנוצען זיך מיט די זאלען פון פאבליק־סקולס און אנדערע עפענטליכע געביידעס פאר פארזאמלונגען, לעקציעס א. ד. ג. אויף אידיש.

#### דאנק־רעזאלוציע

דער צוזאמענפאהר דריקט אויס א הארציגען דאנק דעם הארלעמער א. ר. קולטור־צענטער פאר דער פריווילעגיע צו באנוצען זיין גאנצע געביידע דורכ'ן גאנצען צוזאמענפאהר.

---

שבת, 11 אזייגער ביינאכט ווערט דער צוזאמענפאהר געשלאסען פון פר. יעקב לעווין, מיט'ן וואונש זיך צו זעהן אויפ'ן קומענדיגען צוזאמענפאהר.

סעקרעטאריאט: י. שטיינבוים (נ. י.) ראזענפעלד (ראק אײלענד).

---

# זיצונגען פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע א. ר.

א ספעשעל מיטינג פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע ווערט אפגעהאלטען מאנטאג דעם 5טען אפריל, אום 8 אוהר אווענד, מיט פר. עפשטיין אלס טשערמאן.

מיטגליעדער אין דער היינטינער ספעשעל מיטינג גערופען געווארען. פר. שפייער איינער פון די מיטגלידער, וואס האבען פארלאנגט צו רופען דעם היינטינען מיטינג, ערקלערט, אז די פעטערסאן דיסטריקט קאמיטע האט ארויסגעשיקט א צושריפט ניט צו שטימען פאר פר. וואלאס אין דער פארוואלטונג. פר. שפייער גלויבט אז דאס איז איינמאך געווען א פארלוימדונג מצד דער פעטערסאן דיסטריקט קאמיטע. ער זאגט אז די שטעלונג פון פר. וואלאס איז אויך געווען די שטעלונג פון דער גריוועגס קאמיטע, און פאלגליך איז, לויט זיין מיינונג, דער בריעף פון דער פעטערסאן דיסטריקט קאמיטע בנוגע די גריוועגס קאמיטע, וועלכע איז טייל פון דער גאנצער נאצ. עקזעקוטיוו. ער זאגט, אז די דיסטריקט קאם. האט נים געדארפט שיקען אזא צושריפט צו די ברענטש'עס, אהן דעם וויסען פון דער נאצ. עקזעקוטיוו קאם., אונטער וועמעס אויפזיכט זיי שטעהען.

פר. דינערשטיין דייטעט אן, אז דער צושריפט פון דער דיסטריקט קאמיטע זאגט גאר ניט וועגען דער עקזעקוטיוו און פאלגליך דארף די עקזעקוטיוו ניט נעהמען קיין שטעלונג בנוגע דער פראגע. ער איז איינשטימיג, אז די דיסטריקט קאם. קען האנדלען בלויז איבער לאקאלע פראגען, אבער ניט אין פראגען וואס זיינען נוגע די וואהלען פאר נאציאנאלע בעאמטע.

פר. דינערשטיין ערקלערט, אז די נאצ. ארגאניזאציאנס קאם. האט געשיקט א בריעף צו דער פעטערסאן דיסטריקט קאם., ערקלערענדיג זיי, אז זיי האבען ניט געהאט קיין רעכט אזא בריעף ארויסצושיקען. אבער די עקזעקוטיוו האט נים קיין אורזאכע ארויסצושיקען א ספעציעלען צושריפט וועגען דעם צו די ברענטשעס.

עס ווערט באשלאסען מיט 11 שטימען געגען 10 נים צו שיקען קיין צושריפט צו די ברענטשעס, און דער ספעשעל מיטינג ווערט דאן געשלאסען.

---

דער רעגעלער מאנאטליכער מיטינג פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע ווערט ערעפענט זונטאג דעם 11טען אפריל, אום 10.30 אוהר פריה, פון דעם טשערמאן פר. אב. עפשטיין.

#### צ ו ש ר י פ ט ע ן.

פון דער נאציאנאלער באארד אוו דירעקטארען. פר. ל. ארקין סעקרעטער, מעלדעט, אז ער האט זיך דורכגעשריבען מיט די דירעקטארען וועגען אונזער פארלאנג נאכאמאל צו עפענען די אפיעלס פון ברענטש 6 און בר. 155, אבער כמעט אלע מיטגלידער פון דער נאצ. באארד זיינען געווען געגען באווילינען דיזען פארלאנג.

פון בר. 360, דעטראיט. זיי אפעלירען געגען דער ענטשיידונג פון דער נאצ. גריוועגס קאמיטע וועגען צוריקווייזען זייער באלאט פאר דעם די־רעקטאר פון זייער סטייט. עס ווערט באשלאסען דעם אפיעל נים אויפצונעהמען, ווייל לויט אונזער קאנסטיטוציע קענען אפיעלס געמאכט ווערען בלויז אין פארלויף פון 30 טעג נאך דעם ווי די ענטשיידונג ווערט ארויסגעגעבען.

פון בר. 560. לאדען איין צו שיקען א פארטרעטער צו זייער 5־יעהריגען יובילעאום וואס וועט געפייערט ווערען דעם 11טען אפריל. ערוועהלט פריינד העסקעל.

פון דער בארנעט האספיטאל אין פעטערסאן. באדאנקען פאר די 200 דאלער וואס מיר האבען צוגעשיקט צו זיי אלס יעהרליכע ביישטייערונג.

פון די פיפלס רעליעף קאמיטע. לאדען איין צו שיקען 2 פארטרעטער צום באנקעט וואס ווערט געגעבען פון דער אידישער רעליעף קאמפיין קאמיטע, אין האטעל אסטאר, דעם 11טען אפריל. באשלאסען אנצונעהמען די איינלאדונג. די פיפלס רעליעף קאמיטע בעט אויך צושיקען 5 דעלעגאטען צו דער לייבאר רעליעף קאנפערענץ וואס וועט אפגעהאלטען ווערען מיטוואך דעם 23טען אפריל. אלס פארטרעטער ווערען ערוועהלט פריינדע דינערשטיין, אבראמס, ישורון, ראטהמאן און גאלינסקי.

פון דער עקזעקוטיוו קמיטע פון בר. 75. שרייבען אז זיי האבען זיך דערוואוסט דאס א צושריפט איז ארויסגעשיקט געווארען פון דער פעטערסאן דיסט. קאם. צו אלע ברענטשעס, אין וועלכע פר. וואלאס, מיטגליעד פון זייער בר. ווערט באשולדיגט אין פארטיידיגען די בעלי הבתים אין האנדלען געגען די באשליסע פון דער נאצ. עקזעקוטיוו קאם. זיי ווילען דארום וויסען צי דיזע באשולדיגונגען זיינען אמת, און אויב נים, צי דענקט די עקזעקוטיוו, אז ס'איז איהר פליכט אזעלכע באשולדיגונגען אפצולייקנען. עס ווערט באשלאסען זיי צו ענטפערען פאלגענדעס:

אלס ענטפער אויף אייער בריעף פון דעם 3טען אפריל, ערלויבט אונז אייך צו ערקלערען, אז אויף וויפיעל אונז איז באקאנט, האט פר. וואלאס נים איבערטרעטען קיינע באשליסע פון דער נאצ. עקז., ווייל ווען א מיטגליעד איבערטרעט די באשליסע פון דער עקזעקוטיוו, ווערט ער דאפיר אויסגעשלאסען פון דער פארוואלטונג. אין דער פעטערסאנער פראגע האט פר. וואלאס געהאט אן אנדער מיינונג ווי ס'איז געווען די שטעלונג פון דער עקזעקוטיוו, און אויף דעם גרונד באשולדיגט איהם די פעטערסאן דיסט. קאם.קאם. אז ער האט געהאלטען מיט די בעלי בתים."

פון סעקר. פון בר. 247. ער מאכט אן עהנליכע אנפראגע ווי בר. 75 אין באצוג דער צושריפט פון דער פעטערסאן דיסט. קאם. עס ווערט באשלאסען צו געבען זיי אן עהנליכען ענטפער.

פון די ברענטשעס 80, 56, 150, 277 און 237, פארלאנגען אז די נאציאנאלע עקזעקוטיוו קאמיטע זאל רעקאמענדירען צו דער קומענדער קאנוועגשאן צו שאפען אן אר. רינג היים, און א היים אפים. עס ווערט

שאסען זיי ענטפערען, אז די נאצ. עקזעק. האט אן עהנליכע רעקאמענדאציע צו דער קאנווענשאן.

פון דער היברו אימיגראנט אייד סאסייעטי. באדאנקען פאר אונזער באשלוס צו רעקאמענדירען צו דער קומענדער קאנווענשאן צו באשטימען א פרייוויליגע ביישטייערונג פון 15 סענט פער מעמבער, אום צו שאפען א 10־טויזענד דאלאר פאנד פאר זייער אימיגראנטען היים.

פון דעם אידישען האספיטאל אין באלטימאר. באדאנקען פאר די 200 דאלער וואס מיר האבען צו זיי געשיקט אלס יעהרליכע ביישטייערונגען.

פון דער אמעריקאנער אידישען קאנגרעס. פארלאנגען, אז דער ארב. רינג זאל ביישטייערען צו די אויסגאבען פון אויפהאלטען די ביורא פון דער איד. דעלעגאציע אין פאריז. עס ווערט באשלאסען צו האנדלען וועגען דעם ביי א קומענדען מיטינג.

פון בר. 404. וועגען פיליפ ראדזשערס. דער באטרעפענדער איז געשטארבען דעם 25טען יאנואר 1920, און דעם 10טען מערץ האט זיין פרוי צוגעשיקט א סטייטמענט פון א דאקטאר, אז דער בעטרעפענדער איז געשטארבען פון קאנסאמפשאן, און זי פארלאנגט דארום קאנסאמפשאן בענעפיט. עס ווערט באשלאסען צו ענטפערען, אז לויט ארטיקעל 9 פאראגראף 2 און 8, קען דיזער קאנסאמפשאן בענעפיט ניט אויסגעצאהלט ווערען, ווייל ווען דער מעמבער האט געלעבט איז אין אפיס ניט צוגעשטעלט געווארען קיין סטייטמענט וועגען זיין קראנקהייט ארער וועגען זיין פארלאנג פאר קאנסאמפשאן בענעפיט.

פון נאציאנאלען אפיס פון דער סאציאליסטישער פארטיי. לאדען איין צו שיקען א פראטווירנאל דעלעגאט צו דער נאציאנאלער קאנווענשאן פון דער פארטיי, וואס וועט אפגעהאלטען ווערען אין ניו־יארק פון דעם 8טען ביז דעם 14טען מאי. באשלאסען אנצונעהמען די איינלאדונג. אלס דעלעגאט ווערט ערוועהלט פר. י. ב. ביילין.

## באריכטען.

פר. אב. עפשטיין באריכטעט, אז ער איז געוועזען פארטראטען ביי בר. 90, טרענטאן, נ. דזש. ער האט זיי אדרעסירט אין נאמען פון דער נאצ. עקזעקוטיוו קאמ., און אויך זיין אפיעל איז געשאפען געווארען ארום 600 דאלער פאר'ן רעליעף. ער ערקלערט, אז ער האט ניט געקאנט זיין פארטראטען ביי בר. 225, ווייל ער איז דאן געוועזען אין פעטערסאן. באריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. נאלינסקי באריכטעט, אז ער איז געוועזען פארטראטען ביי בר. 238 און אדרעסירט דעם מיטינג וואס זיי האבען פאררופען אין פארבינדונג מיט דעם רעליעף פון זייערע לאנדסמאנשאפט ארגאניזאציעס. ווי מען האט איהם נאכהער איבערגעגעבען, איז ביים מיטינג געשאפען געווארען עטליכע הונדערט דאלאר. באריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. העסקעל באריכטעט, אז ער איז געוועזען פארטראטען ביים יובילעאום באנקעט פון בר. 359, און האט זיי באגריסט אין נאמען פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע. זיי האבען אויס'ן פלאץ געשאפען ארום 800 דאלער פאר'ן רעליעף. באריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. עפשטיין באריכטעט, אז פר. יורימש און ער זיינען געוועזען פארטראטען ביי דער רעגט קאנפערענץ, וואו עס זיינען געוועזען פארטרעטער פון אלע גרעסערע ארגאניזאציעס, ווי אויך פון פארשיעדענע פראגרעסיווע קערפערשאפטען. עס איז באשלאסען געווארען צו גרינדען א גרויסע טעמפל ליגע. א קאמיטע פון 50 איז ערוועהלט געווארען א גענויען פלאן אויסצוארבייטען.

פר. עפשטיין באריכטעט אויך, אז די משעריטע פון די דעפארטמענט קאמיטעס האבען געהאט א מיטינג, וואו ס'איז פארהאנדעלט געווארען די פראגע וועגען שיקען א פארטרעטער צו די הירינג אין אלבאני וועגען די בילס אז יעדע פריוואטע שול זאל דארפען האבען אן ערלויבניס פון דער באארד אוו רידזשענס. עס איז באשלאסען געווארען צו שיקען 2 פארטרעטער צו דיזער הירינג. פר. ישורון איז ערוועהלט געווארען און אויך פר. י. ב. ביילין, וועלכער איז באשטימט געווארען אלס פארטרעטער פון דער „אימערדזשענסי עדיוקיישאנאל קאנפערענץ". די משעריים האבען נאכהער צווישען זיך דורכגערעדט און באשטימט אפצולייגען דעם מאנאטליכען מיטינג אויף היינט, אנשטאט דעם 4טען ד. מ.

פר. עפשטיין ערקלערט אויך אז די קאנווענשאן אראנדזשמענט קאמיטע האט באשטימט ארויסצוגעבען 4 נומערען קאנווענשאן בולעטינס. רעפארט ווערט גוטגעהייסען.

פר. פערלשטיין באריכטעט, אז פר. קלופט און ער זיינען געוועזען פארטראטען ביי דער אימוירדזשענסי קאנפערענץ, וואו עס זיינען געוועזען 122 דעלעגאטען. ס'איז באשלאסען געווארען צו שיקען א דעלעגאציע צו דער הירינג וועגען די עדיוקיישאנאל בילס, פארגעשלאגען פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע. אין דער דעלעגאציע איז ערוועהלט געווארען פר. י. ב. ביילין, אלס פארטרעטער פון ארב. רינג. באריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. דינערשטיין ציהט זיך צוריק אלס פארטרעטער צו בר. 4 צו מאכען די קלאגע אין נאמען פון דער נאצ. עקזעקוטיוו נעגען פר. ד. אשינסקי, ווייל ער וועט די נעכסטע עטליכע וואכען זיין פארנומען, און ס'וועט איהם אונמעגליך זיין צו אטענדען. פר. עבעריל ווערט ערוועהלט אויף זיין פלאץ.

## קאמיטעס.

פון בר. 800 לאדען איין א פארטרעטער צו זייער טעאטער אונטערנעמונג און זיי בעטען אז דער פארטרעטער זאל אדרעסירען צווישען די אקטען און מאכען אן אפיעל פאר'ן רעליעף. ערוועהלט פר. עפשטיין.

פון בר. 570. לאדען איין א פארטרעטער צו זייער 5־יעהריגען יובילעאום דעם 1טען מאי. ערוועהלט פריינדע ראטהמאן און הערשקאוויץ.

פון בר. 610, מאנטיסעלא, נ. י. לאדען איין א פארטרעטער צו דער ערעפענונג פון זייער לייבאר לייסעאום דעם 23טען מאי. ערוועהלט פר. יורימש. א קאמיטע בעט אויך אויסקינפטע וועגען א. ר. שולען, ווייל זיי דענקען צו גרינדען אזא שול אין מאנטיסעלא. דער טשערמאן ערקלערט דעם פארטרעטער, אז זיי זאלען זיך ווענדען דעם צו דער נאצ. עדיוקיישאנאל קאמיטע.

## סעקרעטערס רעפארט.

פר. באסקין, דזשענעראל סעקרעטער, באריכטעט, אז אין דעם רעליעף פאנד איז יעצט דא אין אפיס נאהענט פון 50 טויזענד דאלאר. אויסער דעם, וועט די פילאדעלפיא דיסטריקט קאמיטע צושיקען ארום 4 טויזענד דאלאר. דער ברענטש, וואס איז ניט לאנג צוריק נעגרינדעט געווארען אין לייקוואנד האט געשריבען, אז זיי וועלען צושיקען ארום 700 דאלער. עס איז צו ערווארטען, אז מיר וועלען קומען צום קאנווענשאן מיט א פאנד פון אריבער 60 טויזענד דאלאר פאר'ן רעליעף. ער ערקלערט אויך, אז בר. 8 האט צוגעשיקט א טשעק אויף 1000 דאלער. נוארק דיסטריקט קאם. וועט אין גיכען צושיקען א טשעק אויף 1800 דאלער. דער אפיס האט געהאלפען אראנזשירען א מאס־מיטינג פאר אונזער ברענטש אין דזשאמייקא, און זיי האבען דאן געשאפען אריבער 300 דאלאר. פאר דיזען ברענטש, וועלכער באשטעהט פון א קליינע צאל מיטגלידער, איז דאס זיכער א שעהנער ביימראג.

וואס אנבעלאנגט דעם מעמבערשיפ קאמפיין, גלויבט ער, אז מיר וועלען זיכער קומען צום קאנווענשאן מיט א מיטגלידערשאפט פון 80 טויזענד. ער שלאגט פאר צו רעקאמענדירען צום קאנווענשאן, אז דער סורפלוס פון 8000 דאלער אין דעם פאנד צו דעקען די דיוס פאר די נעדרעפטעטע מעמבערס, זאל קענען טראנספערירט ווערען צום קראנקען בענעפיט פאנד, אין פאל די עקזעק. וועט דאס געפינען פאר נויטיג. פר. באסקין מאכט אויפמערקזאם, אז מען דארף ערוועהלען א קאמיטע צו צעהלען די רעפערענדום באלאטס פון דער קאנטרי דעלעגאטען צו דער קאנווענשאן. סעקרעטער׳ס באריכט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפארט פון דער נאצ. ארגאניזאציאנס קאמ.

פר. דינערשטיין, טשערמאן פון דער קאמ. באריכטעט, אז די סט. לואיס דיסט. קאמ. האט ערקלערט, אז זיי אראנזשירען א גרויסען קאנצערט און מאס־מיטינג אין פארבינדונג מיט'ן מעמבערשיפ קאמפיין. זיי האבען פארלאנגט אז אין פאל פון א דעפיציט זאלען די ארגאניזאציאנס און עדיוקיישאנאל קאמיטעס אויסהעלפען זיי מיט א סומע פון 50 דאלער. די ארג. קאמ. האט באשלאסען צו באוויליגען פאר זיי 25 דאלער אין פאל פון א דעפיציט, און וועגען די אנדערע 25 דאלער — איבערצוגעבען די צושריפט צו דער עדיוקיישאנאל קאמיטע.

בריעף פון די סיטי און דיסטריקט קאמיטעס זיינען לעצטענס ארויסגעשיקט געווארען אויפפאדערענדיג זיי צו מאכען די לעצטע אנשטרענגונג אין די קומענדע עטליכע וואכען ביז דער קאנווענשאן, אום מיר זיילען קומען צו דער קאנווענשאן מיט א מיטגלידערשאפט פון 80 טויזענד.

אין וואודבוירן, נ. י., איז לעצטען מאנאט ארגאניזירט געווארען א נייער ברענטש. פר. ב. לעווימאן פון דער סיטי ארגאניזאציאנס קאמיטע איז ערוועהלט געווארען זיי צו אינסטאלירען, נאר צוליעב דעם שנעע־שטורם איז די באהן געבליבען אין מיטען וועג און ער איז געקומען אין וואודבוירן אויפ'ן צווייטען טאג נאך דעם ווי די אינסטאליישאן האט געדארפט שטאטפינדען.

פריינדע עבעריל און יורימש זיינען געוועזען פארטראטען אין פעטערסאן און אינסטאלירט דעם ברענטש 421, וועלכער איז רעארגאניזירט געווארען פון בר. 192. עס זיינען אנוועזענד געוועזען ארום 200 פערזאן. צווישען די מעמבערס האט געהערשט א גייסט פון צופרידענהייט. מען קען ערווארטען, אז דאס וועט אין גיכען זיין איינער פון די שעהנסטע ברענטשעס אין פעטערסאן.

פר. עבעריל איז געוועזען פארטראטען ביים באנקעט פון בר. 90, טרענטאן נ. דזש., און זיי באגריסט אין נאמען פון דער נאצ. עקז.

מייער לאנדאן, וועלכער איז אויך דארט געוועזען, האט געמאכט אן אפיעל צו שאפען א פאנד פאר א לייבאר לייסעאום.

מיטגליעדער פון בר. 475 האבען זיך באקלאגט, אז דער בר. האט באשטימט א טעקס פאר א באנקעט, און אויך א שטראף פון 5 דאל. פאר ניט קומען צום באנקעט. די באטרעפענדע האבען איינגעצאהלט פאר'ן באנקעט, זיי האבען אבער צום באנקעט ניט געקענט קומען. דער בר. האט נאכהער פון זיי געפאדערט צו 5 דאל. שטראף פאר ניט אנוועזענד זיין ביים באנקעט. די ארג. קאמ. האט געלאזט וויסען דעם בר. אז זיי קענען אזא שטראף ביי מיטגלידער ניט מאנען.

די מעין דיסט. קאמ. האט געלאזט וויסען אז זיי פירען יעצט אן אקטיווען קאמפיין צו שאפען א היבשע סומע פאר דעם א. ר. רעליעף פאנד.

פר. יורימש איז געוועזען פארטראטען ביי דעם 12טען יעהרליכען באנקעט פון בר. 91 און זיי באגריסט אין נאמען פון דער נאצ. עקז. קאמ. עס זיינען אנוועזענד געוועזען אלע מיטגלידער און זייערע פאמיליען, און אלע האבען זעהר גוט פארבראכט ביים באנקעט. עס איז געזאמעלט געווארען 200 דאל. פאר'ן רעליעף פאנד.

פר. עפשטיין איז געוועזען פארטראטען ביי דער קאנפערענץ פון דער האדסאן קאונטי דיסט. קאמ. די קאנפערענץ איז געוועזען זעהר אינטערעסאנטע און עס זיינען פערהאנדעלט געווארען פיעלע געזעלשאפטליכע פראגען. די ברענטשעס פון דיסטריקט האבען געשאפען א בארייטענדע סומע פאר די מלחמה קרבנות. נאך מאנכע פון די ברענטשעס האבען איבערגעגעבען די סומען צו דער אלגעמיינער רעליעף. זיי זיינען אויך טהעטיג אויפ'ן קאאפעראציאנס געביעט. פון די רעפארטס האט זיך ארויסגעציינט אז כמעט אלע ברענטשעס האבען אריינגענומען א היבשע צאהל נייע מעמבערס. די קאנפערענץ האט באשלאסען בייצושטייערען 50 דאל. פאר די לעבענס פראגען. עס איז דארט אויך פערהאנדעלט געווארען די פראגע וועגען דעם וואס די 2 ברענטשעס פון בעיאן ענטזאגען זיך אנצושליסען אן דער דיסטריקט קאם. די קאנפערענץ האט אנגענומען א רעזאלוציע, אין וועלכער דיזע ברענטשעס ווערען געבעטען אנצושליסען זיך אן דער דיסטריקט קאמיטע.

ער (דינערשטיין) איז דעם 21טען מערץ געוועזען פארטראטען ביי דער רעליעף קאנפערענץ אין פעטערסאן. עס איז באשלאסען געווארען צו זעהן אנפירען א טיכטיגען קאמפיין צו מאכען סיסטעמאטישע קאלעקטירונגען פאר'ן רעליעף, און די געלדער זאלען איבערגעשיקט ווערען אין די פלעצער וואס די ארגאניזאציעס וועלען אנצייגען.

די גריוועגס קאמ. האט זיך געווענדעט וועגען פאלגענדעס: זיי האבען אנגעציינט, אז די פעטערסאן דיסט. קאמ. האט ארויסגעשיקט א בריעף צו אלע מעמבערס אויפפאדערענדיג זיי ניט צו שטימען פאר פר. וואלאס. די גריוועגס קאמ. האט ערקלערט אז דיזע צושריפט פון דער פעטערסאן דיסט. קאמיטע איז א פארלויםדונג פון דער גאנצער עקזעקוטיוו, ווייל וואלאס האט אין יענער פראגע פארטראטען ניט זיך, נאר דער גריוועגס קאמ. זיי האבען דארום פארלאנגט אז די ארג. קאמ. זאל נעהמען א שטעלונג: שרייבען צו די בר. אן ערקלערונג וועגען דער אנגעלעגענהייט און אויפלעזען די דיסט. קאמ. ס'איז באשלאסען געווארען אז די פראגע וועגען אן ערקלערונג צו די בר. באלאנגט צו דער גאנצער עקז., אבער די דיסט. קאמ., וועלכע שטעהט אונטער דער אויפזיכט פון דער עקז. האט ניט געהאט קיין רעכט אנצופירען עפענטליכע אגיטאציע געגען א קאנדידאט פאר דער עקזעקוטיוו, פונקט ווי די עקז. אליין האט ניט קיין רעכט דאס צו טאן. א בריעף אין דעם זין איז צו דער פעטערסאן דיסט. קאמ. געשיקט געווארען.

באריכט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפארט פון דער סאניטאריום קאמיטע

פר. ל. ראטהמאן, וויס־טשערמאן פון דער קאמ., באריכטעט, אז בר. 126 אטלאנטיק סיטי האט איינגעלאדען צו זיין פארטראטען ביי זייערען א סאניטאריום באנקעט, נאר דער וואס איז ערוועהלט געווארען צו זיין פארטראטען האט צוליעב קראנקהייט ניט געקענט פארען. א באגריסונגס טעלעגראמע איז צו זיי געשיקט געווארען. זיי האבען ביי דעם באנקעט קאלעקטירט 100 דאלאר פאר דעם סאניטאריום פאנד, און 31.80 דאלאר פאר'ן רעליעף.

עס איז ערלויבט געווארען דער קעכין צו ברייגנען אין סאניטאריום איהר 10 יעהריגע קינד, פאר וועלכען זי צאהלט 30 דאלער א מאנאט.

פר. ס. אבערמאן, פון בר. 275, האט זיך געווענדעט צו דער סאניטאריום קאמ. און ערקלערט, אז ער האט גענומען 100 דאל. קאנסאמפשאן בענעפיט אין 1918. זייענדיג אינפארמירט פון דעם סעקר. פון זיין בר. דאס ער קען אומקערען דאס געלד צו יעדער צייט, אום אריינגענומען צו ווערען אין סאניטאריום. ער האט געציינט דעם בריעף פון בר. סעקר., וועלכער האט איהם אזוי אינפארמירט. אונזערע דאקטוירים זיינען מיט דער מיינונג, אז עטליכע מאנאטען סאניטאריום וואלטען געהאט א גוטע ווירקונג אויף'ן געזונד פון דעם באטרעפענדען. די סאנ. קאמ. האט דארום באשלאסען צו ברייגנען די פראגע צו דער נאצ. עקז.

א קאמ. פון דער ברוקלינער טעריטאריען קאנפערענץ האט זיך געווענדעט אז די סאניטאריום קאמ. זאל העלפען דורכפירען ביי דער קומענדער קאנווענשאן א פונקט צו ערלויבען אלע עקס־פאציענטען וועלכע זיינען געוועזען בלויז 6 מאנאטען אין סאניט. אריינגענומען צו ווערען נאך אויף 3 מאנאטען. ס'איז באשלאסען געווארען צו ענטפערען דער קאמ. אז געזעצען און ענדערונגען אין אונזער קאנסטיטושאן ווערען אנגעווענדעט פאר דער נאנענווארט און צוקונפט, אבער ניט פאר דער פארגאנגענהייט. די סאנ. קאמ. קען דארום ניט ברייגנען דיזען פארלאנג צו דער קאנווענשאן.

א פאציענט פון בר. 231, וועלכער האט זיך גענויטיגט מעהר אין האספיטאל ווי אין סאנ. טריטמענט, איז ארויסגעשיקט געווארען פון סאניטאריום אין א שטאטישען האספיטאל. אנגי מי דאס איז געווען א סאנ־

ציעלער פאל האט מען דעם ברענטש גערעכענט בלויז העלפט פון די עקספענסעס וואס האט געקאסט איבערשיקען דעם פאציענט.

דער אלטער פארד אויטאמאביל איז פארקויפט געווארען, און עס איז געקויפט געווארען א נייער מאטאר טראק, וועלכער קאסט 1234 דאל.

צו פיקסען דעם באילער און די וואסער־לייטונג סיסטעם האט דיזען ווינטער געקאסט 810.39 דאל.

דר. האלפערן האט געהאט אן אפערייש'ן, און איז נאך יעצט אויף קראנק. זיין פלאץ פארנעהמט צייטווייליג דר. מעקסוויני. די סאנ. קאמיטע האט געשיקט צו דר. האלפערן א בוקעט בלומען אלס אויסדרוק פאר זיין טרייהייט און איבערגעבענהייט צו די אינטערעסען פון סאנימאריום.

עס ווערט באשלאסען צוריקצואווייזען דעם פארלאנג פון מעמבער פון בר. 275.

באריכט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפארט פון דער אפיס קאמיטע.

פר. ישורון, טשערמאן פון דער קאמיטע, באריכטעט אז עס זיינען נעקויפט געווארען נייע קאבינעטס פאר פיילינגס. ער ערקלערט, אז אין אפיס ווערט ענגער פון טאג צו טאג, און עס איז איינפאך נישטא גענוג פלאץ פאר די פיילס און בפרט פאר די ביכער פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע, וועלכע פאנגען ערשט אן אריינצוקומען פון בוך בינדער. די אפיס קאמ. האט דארום באשלאסען, אז דער אפיס מוז אומבעדינגט פארגרעסערט ווערען.

די ארבייט פון אודיטינג דעפארטמענט איז אונטערזוכט געווארען, און עס ציינט זיך ארויס אז די פערטעל יעהריגע רעפארטס ווערען פון די ברענטשעס ניט אריינגעשיקט. דער אודיטינג דעפארטמענט האט פון מערץ 1919 ביז מערץ 1920 אונטערזוכט ביכער פון 237 ברענטשעס פאר 690 קווארטאלען.

די סאציאליסטישע פארטיי האט פארלאנגט א פיידוש אדווערטייזמענט פאר זייער זשורנאל וואס זיי גיבען ארויס צו דער נאציאנאלער קאנווענשאן וואס וועט אפגעהאלטען ווערען אין ניו־יארק. אזוי ווי דאס איז א ספעציעלער פאל און אזוי ווי דאס איז דאס ערשטע מאל אז א נאציאנאלע קאנווענשאן פון דער פארטיי זאל אפגעהאלטען ווערען אין ניו־יארק, איז באשלאסען געווארען זייער פארלאנג צו באווילינגען.

א מעמבער פון בר. 99 איז דעם 6טען דעצ. 1919 געזעצליך געשטראכען געווארען. דער באטרעפענדער ליידעט אויף כראנישע אסטמא, און ער האט ניט געקענט דורכגעהן קיין דאקטאר עקזאמינייש'ן (ווייל ער האט אויף ניט געקענט ריאינסטייטעט ווערען אהן א דאקטאר עקזאמינייש'ן). דער באטרעפענדער האט אפעלירט צו דער נאצ. גריוועגס קאמיטע, וועלכע האט דעם אפיעל ניט געקענט אויפנעהמען אזוי לאנג ווי ער איז ניט ריאינסטייטעט. די גריוועגס קאמ. האט די זאך איבערגעגעבען צו דער אפיס קאמ. נעהמענדיג אין אנבעטראכט דאס דער באטרעפענדער איז געווען א מעמבער אומגעפער 10 יאהר צייט, האט די אפיס קאמ. באשלאסען איהם צו ריאינסטייטען אהן א דאקטאר עקזאמינייש'ן.

עס זיינען געקויפט געווארען באנדס אויף 50 טויזענד דאלאר, פאר וועלכע מען האט געצאהלט צו 97.54$.

די באלאטס פאר דער עקזעקוטיוו זיינען ארויסגעשיקט געווארען צו די ברענטשעס דורכ'ן פרינטער, ווייל אין אפיס וואלט דיזע ארבייט פארנומען צופיעל צייט, און וואלט וואהרשיינליך געקאסט מעהר.

דער סיק דעפארטמענט איז נעווען הינטערשטעליג אויף עטליכע טעג, צוליעב דער גרויסער צאהל סיק סערטיפיקייטס וואס זיינען אריינגעקומען פון דער אינפלוענציע. די אנגעשטעלטע פון דעפארטמענט האבען געארבייט 2 וואכען אווערטיים און אלעס איז יעצט אפ טו דייט.

בר. 156, דעטראיט, האט ניט איינגעצאהלט זיין ביל אין אפיס. עס איז שוין וועגען דעם אייניגע מאל געשריבען געווארען אי צום בר. אי צו דער סיטי קאמ., נאר דער סעקר. פון בר. האט לעצטענס פארנאכלעסיגט זיינע פליכטען. אין פאל דער בר. וועט קירצליך ניט איינצאלען די דיוס, וועט ווארשיינליך נויטיג זיין צו שיקען אהין א פארטרעטער.

דער טשערמאן רופט, אז דער מעמבער פון בר. 99 איז געזעצליך געשטראכען געווארען, און דער באשלוס פון דער אפיס קאמ. בנוגע איהם, איז ניט אין קראפט. די איבעריגע טיילען פון דעם רעפארט פון דער אפיס קאמ. ווערט דאן גוטגעהייסען.

## רעפארט פון דער עדיוק. קאמיטע

פר. נאלינסקי, וויס טשערמאן פון דער קאמיטע, באריכטעט, אז די הארלעמער א. ר. שול האלט ביים קויפען דאס הויז, 143 איסט 103טע סט. מען האט זיי געגעבען 2000$ וואס איז פאר זייער בורזשעט באשטימט געווארען. די „שול פראגראם" וועט אין גיכען ארויס פון דרוק. ס'איז באשלאסען געווארען צו רעכענען פאר דעם ביכעל 20 סענט א קאפיע.

ס'איז באשלאסען געווארען אויסצושרייבען פון ווילנא דעם קינדער זשורנאל „די גרינינקע בוימעלאך" פאר די קינדער פון אונזערע שולען. ס'איז באשלאסען געווארען צו ארדערען 100 קאפיעס פון יעדען נומער פאר 6 מאנאט צייט.

צוליעב דעם וואס דער פעברואר נומער „פריינד" איז שפעט ערשינען, האט די עדיוקיישאנאל קאמ. באשטימט אין גאנצען דורכצולאזען דעם מערץ נומער „פריינד" און מאכען א פארגרעסערטען נומער פאר אפריל און מאי, וועלכער זאל ענטהאלטען אויב נויטיג מעהר ווי 96 פיידזשעס.

פר. צביון איז ארויסגעשיקט געווארען אויף א טור אויף אומגעפער 4 וואכען צו באזוכען די שטעדט וואו געגאסע ראנאף האט נעדארפט זיין.

די עדיוקיישאנאל קאמ. האט באווילינט 25.00 דאל. פאר די סט. לואיס דיסטריקט קאמ. צו דעקען א טייל פון די אויסגאבען פון זייערען א קאנצערט און מאס־מיטינג. די נאצ. ארגאניזאציאנס קאמ. האט אויך באשטימט צו באווילינגען אזא סומע פאר דעם דעפיציט פון דער זעלבער אונטערנעהמונג.

עס זיינען שוין ערשינען פאלגענדע ביכער: 1) וועגען קא־אפעראציע פון א. סמאלינסקי, 2) פיזישע ערציהונג פון קינד, פון אנגא פאלוצקי, 3) זאאלאגיע, פון צביון.

פר. נאלינסקי לאדעט־איין אלע עקזעקוטיוו מיטגלידער צום קאנצערט פון כאר, אונטער דער לייטונג פון מ. פאזנער. דער קאנצערט וועט אפגעהאלטען ווערען היינט אווענד אין קופער יוניאן. באריכט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפארט פון דער בענעפיט קאמיטע.

פר. יאקאבי, טשערמאן פון דער קאמ., ערקלערט, אז א מעמבער פון בר. 82 האט אפעלירט נעגען באשלוס פון בר. צוריקצואווייזען זיין בענעפיט. דער באטרעפענדער האט נאך דער קראנקהייט צוגעשטעלט א סטייטמענט פון א דיספענסערי דאס ער איז געווען קראנק און ניט געקענט נאכקומען זיין באשעפטיגונג. דער ברענטש האט גע'טענה'ט אז זיי האבען ניט געהאט קיין גענינגענדע קאנטראל איבער זיין קראנקהייט און זיי האבען דארום דעם בענעפיט צוריקגעוויזען. אויסהערענדיג די פארטרעטער פון בר. איז די בענעפיט קאמ. געקומען צום שלוס, אז דער בר. האט זיך ליידער ניט גענומען די מיה צו מאכען א גרינדליכע אונטערזוכונג וועגען דעם בענעפיט, און האבען זאגאר ניט געפונען פאר נויטיג צו פרעגען דעם דאקטאר פון דער דיספענסערי וועגען זיין קראנקהייט. דער אפעלאנט איז א זעהר נאאיווער מענש, און מען קאן פון איהם ניט ערווארטען אז ער זאל נאכקומען אלע רולס פון אונזער קאנסטיטושאן. די בענעפיט קאמ. האט דארום באשטימט דיזען בענעפיט אויסצוצאהלען.

פר. יאקאבי ערקלערט אז זיי האבען געהאט אן אומפארמאלע קאנפערענץ מיט די מיטגלידער פון דעם מעדיקאל אדווייזערי באארד, וועלכע האט באשלאסען צו ברייננען צו דער קאנווענשאן פאלגענדע רעקאמענדאציעס:

1) איינצופירען אז מיטגלידער פון איבער 40 יאהר זאלען קענען עקזאמינירט ווערען 1 מאל א יאהר פון א דאקטאר, און די אויסגאבען זאלען גערעקט ווערען פון ארדען.

2) איינפיהרען רעקריאיישאן סענטערס אין אלע גרויסע שטעדט, וואו מיר האבען ברענטשעס.

פר. יאקאבי ערקלערט, אז די בענעפיט קאמ. נעהמט ווייטער אן מיט איהרע רוטינע ארבייט, און באזוכט ברענטשעס ווען עס האנדעלט זיך וועגען צווייפעלהאפטע בענעפיטס.

באריכט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפארט פון דער גריוועגס קאמיטע.

פר. פערלשטיין, וויס־טשערמאן פון דער קאמיטע, באריכטעט אז א געוויסער מעמבער פון א פילאדעלפיער ברענטש, האט אפעלירט געגען דעם באשלוס פון ברענטש צו באשטראפען איהם מיט 75 דאלאר. פר. אלטמאן איז געשיקט געווארען אין פילאדעלפיא אום אויסצוגעפינען טאנכע אייגצעלהייטען וועגען דיזער אנגעלעגענהייט. אין דעם פלאץ, וואו דער אפעלאנט האט געארבייט, זיינען געמאכט געווארען סוט קייסעס און קאווערס פאר אויטאמאבילס, און דער גאנצער טרייד איז ארויסגערופען געווארען אין סטרייק. אין דעם פלאץ האבען געארבייט 8 מעכאניקער, 2 וואס האבען געהאלפען ביי דער ארבייט פון די קאווערס. ארום 8 וואכען נאך דעם סטרייק זיינען 2 פון די מעכאניקער אוועק אין ביזנעס, איינער וואס האט געארבייט ביי די קאווערס איז אוועק ארבייטען ביי אן אנדער טרייד. דער אפעלאנט האט גע'טענה'ט אז א יוניאן בעאמטער האט איהם ערלויבט צוריקגעהן ארבייטען, אויב עס וועט זיך ארויסווייזען אז די 2 וואס זיינען אוועק אין ביזנעס האבען אין גאנצען פארלאזען דעם שאפ. די יוניאן פארטרעטער ווידער האבען ערקלערט, אז עס איז געווען אן אלגעמיינער סטרייק, און אז מאנכע שעפער סטרייקען נאך יעצט אויך; אז דער בעטרעפענדער האט זאגאר נעלאזט ארעסטירען א סטרייקער, כאטש ער האט אין צייט פון סטרייק געקראגען בענעפיט. עס איז בעשלאסען געווארען צו געפינען דעם באטרעפענדען שולדיג, און גוטהייסען די האנדלונג פון דעם ברענטש.

פר. א. שולמאן האט אפעלירט וועגען פאלגענדעס: ביי דער ראטשעסטער טעריטאריעל קאנפערענץ זיינען געווען 4 דעלעגאטען פון בר. 27 און 3 דעלעגאטען פון אנדערע ברענטשעס. די קאנפערענץ האט באשטימט אליין צו ערוועהלען א דעלעגאט צום קאנווענשאן, און ניט שיקען דאס צו א רעפערענדום צו די ברענטשעס. אזוי ווי בר. 27 האט געהאט די מאיאריטעט ביי דער קאנפערענץ, האבען זיי ערוועהלט זייער אייגענעם דעלעגאט, נים קוקענדיג וואס די דעלעגאטען פון די איבעריגע ברענטשעס האבען זיך פון דער קאנפערענץ צוריקגעצויגען. פר. שולמאן האט אפעלירט געגען דער האנדלונג פון דער קאנפערענץ, ערקלערענדיג, אז אויף אזא אופן איז דאס געווען בלויז א קאנפערענץ פון בר. 27, ניט קיין אלגעמיינע קאנפערענץ. די גריוועגס קאמיטע האט באשלאסען דאס אזוי לאנג ווי די קאנפערענץ האט זיך קאנסטיטואירט אויף א געזעצליכען אופן, איז דער ערוועהלטער דעלעגאט א געזעצליכער, נים קוקענדיג דארויף וואס מאנכע דעלעגאטען פון דער קאנפערענץ האבען זיך צוריקגעצויגען.

באריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. יודימש ווערט ערוועהלט אלס וויס־טשערמאן ביז דעם נעכסטען טערמין פון דער נייער עקזעקוטיוו קאמיטע.

אלס קאמיטע צו צעהלען די באלאטס פאר די קאונטרי דעלעגאטען צו דער קאנווענשאן ווערען ערוועהלט פריינדע ראטהמאן און הערשקאוויץ. עס ווערט באשטימט אז די זעלבע קאמיטע זאל אויך צעהלען די באלאטס פאר דער פארוואלטונג.

ב. געליעבטער, רעקארדינג סעק.

---

## א ספעשעל מיטינג פון דער נאצ. עקזעקוטיוו קאמיטע ווערט אפגעהאלטען שבת נאכמיטאג דעם 24טען אפריל, 1920, מיט פר. אב. עפשטיין אלס טשערמאן.

פר. אב. עפשטיין ערקלערט, אז דער יעצטיגער מיטינג איז פארופען געווארען פון איהם צוזאמען מיט פר. באסקין צו פארהאנדלען די פאלגענדע פראגע:

מיט עטליכע טעג צוריק איז אין „פארווערטס" געווען געדרוקט א טעלעגראמע פון ווילנע, געווענדעט צום א. ר. אין דער טעלעגראמע ווערט איבערגעגעבען, אז די דארטיגע ארבייטער אינסטיטוציעס האבען ניט קיין פאנדס אנצופירען ווייטער זייער ארבייט און פארלאנגען שטיצע. פר. אב. עפשטיין איז מיט דער מיינונג, אז עס וואלט געווען ראטזאם צו שיקען צו זיי א סומע פון אונזער רעליעף פאנד.

נאך א קורצע דעבאטע, ווערט באשלאסען צו שיקען צו זיי 500 דאל. דורך די פיפלס רעליעף קאמיטע.

### קאמיטע

נענאסע מייער לאנדאן ערקלערט, אז דער וואר רעליעף פאנד פירט יעצט אן א דרייוו, און זיי בעטען, אז דער א. ר. זאל בייזשטייערען פאר זיי א געוויסע סומע.

דער טשערמאן ערקלערט, אז אונזערע רעליעף געלדער זיינען נעקליבען געווארען צו שיקען צו די מלחמה קרבנות דורך די פיפלס רעליעף קאמיטע, אז וועלבע מיר זיינען אנגעשלאסען, און פאלגליך קענען מיר פון דעם פאנד ניט בייזשטייערען פאר אנדערע קאמיטעס.

### צושריפט.

פון א. ר. שול קאמיטע. זיי בעטען שיקען א פארטרעטער צו דער א. ר. שול קאנווענשאן, וואס וועט אפגעהאלטען ווערען אין ניו יארק דעם 29טען 30טען אפריל און 1טען מאי. פר. יודיטש ווערט ערוועלט צו זיין דארט פארטראטען.

## אינסטאלליישאן פון נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמ. פאר 1920־1921.

פר. פ. יודימש, וויס טשערמאן פון דער פריהערדיגער עקזעק. קאמ. ערעפענט דעם מיטינג, מיטוואך דעם 19טען מאי, אום 7:30 אווענט. עס ווערען פארגעלעזען די פראטאקאלען פון לעצטען מאנאטליכען מיטינג, וועלכע ווערען גוטגעהייסען.

### צושריפטען

פון דער נאצ. באארד אוו דירעקטארען, שרייבען אז זייער סאב־גריוועגס קאמ. וועט זיין אין פעטערסאן דעם 20טען מאי, אויסצוהערען דעם אפיעל פון די מעמבערס פון דעם אויפגעלייזטען ברענטש 192, געגען דער עקזעק. פאר אונעהמען פון זיי דעם טשארטער. זיי בעטען, אז די נאצ. עקזעק. זאל דארט זיין פארטראטען. ערוועלט פריינדע דינערשטיין און יודיטש.

פון פעטערסאן א. ר. לייבאר לייסעאום קאמ., בעטען צו שיקען א פארטרעטער צו זייער מיטינג וועגען לייבאר לייסעאום, וואס וועט אפגעהאלטען ווערען שבת דעם 22טען ד. מ. ערוועלט פר. יודימש.

פון ברענטש 4, שרייבען פאלגענדעס:

„ביים מיטינג פון בר. 4, דעם 21טען אפריל, 1920 האט די ערוועלטע קאמיטע ארייננעבראכט א רעקאמענדיישאן בעצוג דער קלאגע געגען אונזער

פר. ד. אשינסקי, דאס זיי ווייזען צוריק די קלאגע אויס די פאלגענדע גרינדע: דער קלעגער און די עדות וועלכע איהר האט איינגעלאדען האבען ענטשיידענע אפגעלייקענט אז פר. אשינסקי האט באנוצט די ווערטער וועלכע די קלעגער האבען צו איהם צוגעשריבען. און אויך נעמענדיג אין אנבאטראכט אז פר. אשינסקי האט זיך ענטשולדיגט געגען די וואס האבען זיך אבסאלוט אומזיסט געטראפען באליידיגט, ווייל ער האט ניט גערעדט אין דעם זין, אז עס זאל טרייפען די גאנצע עקזעק. און אויך נעמענדיג אין אנבאטראכט די גאנצע רייהע פון אורזאכען וואס האט ארויסגערופען זיין צארן, דארף אין אזא פאל קיין אישו ניט געמאכט ווערען. מיר באדויערען וואס דיזעס האט פאסירט“.

פר. אלפערט, וועלכער איז געווען אין דער קאמיטע פון דער עקזעק. פארצובריינגען די קלאגע פאר בר. 4 באריכטעט, אז בר. 4 האט געהאנדעלט ווי זיי גיבען איבער אין צושריפט. עס ווערט באשלאסען איבערצוגעבען די אנגעלעגענהייט צו דער ניי־ערוועלטער עקזעק. קאם.

## באריכטען

פר. י. ב. ביילין באריכטעט, אז ער איז געווען פארטראטען ביי דער קאנווענשאן פון דער סאציאליסטישער פארטיי, און זיי באגריסט אין נאמען פון א. ר. ער ערקלערט, אז די האנדלונגען פון דער פארטיי זיינען אלעמען באקאנט פון די רעפארטס אין דער פרעסע. באריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. י. ישורון באריכטעט, אז פר. ביילין און ער זיינען געווען פארטראטען אין אלבאני ביי דער הירינג וועגען די „לאסק בילס“. די דעלעגאציע האט געמאכט א שטארקען אפיעל. ווי באוואוסט האט גאווערנאר סמיטה וועטאירט די בילס. באריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. אייבראמס באריכטעט, אז די קאם. האט ניט אטענדעט צו דער שיפלס רעליעף קאנפערענץ, ווייל זיי האבען פארגעסען ווען די קאנפערענץ וועט אפגעהאלטען ווערען. באריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. ראטהמאן ערקלערט, אז פר. חערשקאוויץ האט אטענדעט צום יו־בילעאום פון בר. 570. ער (ראטהמאן) האט דארט ניט געקענט זיין, ווייל ער איז געווען פארנומען מיט צעהלען די באלאטס פון דער נאציאנאלער עקזעק. באריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. יודיטש באריכטעט, אז ער איז געווען פארטראטען ביי דער א. ר. שול קאנווענשאן. עס זיינען דארט אויסגעארבייט געווארען א גאנצע רייהע פלענער פאר דער ווייטערדיגער ענטוויקלונג פון די שולען. באריכט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפארט פון דער נאצ. ארגאניזאציאנס קאמיטע

פר. דינערשטיין, טשערמאן פון דער קאמיטע באריכטעט, אז אין ספרינג וואלי איז ארגאניזירט געווארען א נייער ברענטש. פר. אלפערט האט דעם ברענטש אינסטאלירט.

ער, פר. דינערשטיין, איז געווען פארטראטען אין פראווידענס און ארגאניזירט זייער מאס־מיטינג, ביי וועלכען עס זיינען אנוועזענד געווען ארום 500 פערזאן. דער מיטינג איז בכלל געווען זעהר אן ערפאלגרייכער, און די אקטיווע טוער האבען פארשפראכען צו טאן גוטע ארבייט פאר'ן א. ר. אין דער נאהענטער צוקונפט.

פר. קרינסקי איז געווען פארטראטען ביי דער אינסטאלייש[א]ן פון פאלגענדע ברענטשעס: מאמילער בר. 561, בענדין בר. 649, גראדנער יאנג מען בר. 639 לײדיעס בר. 635 און בר. 640.

פר. עבעריל איז געווען פארטראטען ביים באנקעט פון בריסקער בר. 280, ער האט באגריסט אין נאמען פון דער נאצ. עקזעק. זיי האבען גע־שאפען 500 דאל. פאר'ן רעליעף.

די דיסטריקט קאם. פון קענזאס סיטי און סט. דזשאזעף האבען זיך ארגאניזירט. זיי האבען באשלאסען צו האבען זייער ערשטען מיטינג אין סט. דזשאזעף, כדי אויפלעבען די ארומיגע ברענטשעס. רעפארט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפארט פון דער גריווענס קאם.

פר. מ. פעלשטיין, וויים טשערמאן באריכטעט אז זיי האבען געהאנדעלט פאר'ן קאנווענשאן וועגען אייניגע אבדזשעקשאנס אין באצוג באלאטס פאר רעלעגאטען צום קאנווענשאן. איין אבדזשעקשאן איז געווען פון ברידזשפארט. פר. העסקעל איז אהין געשיקט געווארען אלס פארטרעטער, און די פראגע איז געשליכטעט געווארען. אין באלטימאר איז געווען א [illegible] וועגען אייניגע באלאטס. פר. וואלאס איז געשיקט געווארען אהין אלס פארטרעטער. די גריווענס קאם. האט נאכ'הער באשלאסען די פראגע איבערצוגעבען צו דער קאנווענשאן קרעדענשעל קאמיטע.

אין א בר. פון אמאהא, נעבראסקא האט א געוויסער מעמבער אפעלירט אז מען האט איהם געצוואונגען צו רעזיגנירען פון א. ר. דער בר. האט ערקלערט, אז דער באטרעפענדער איז געווארען א מיטגליד פון א קערפערשאפט וועלכעס פאליטישע אנזיכטען זיינען דער נעגענזאץ פון א. ר., און נאכדעם ווי מען האט זיך מיט איהם דורכגערעדט אז ער זאל אדער רעזיגנירען פון א. ר. אדער פון יענער קערפערשאפט, האט ער אליין איינגעווילינט צו רעזיגנירען פון א. ר. די גריווענס קאמיטע האט גוטגעהייסען די האנדלונג פון בר. און באשלאסען אנצונעהמען זיין רעזיגנאציאן.
רעפארט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפארט פון דער אפיס קאמיטע

פר. ישורון, טשערמאן פון דער קאמיטע באריכטעט, אז מר. עלדרידזש, דער עקספערט, האט צוגעשיקט דעם וואליואיישאן רעפארט פאר 1919, וועלכער ציינט אז אונזער וואלואיישאן איז 102.23. די אפיס קאמיטע האט באשלאסען אז דער אפיס מוז אונטער אלע אומשטענדען פארגרעסערט ווערען, ווייל עס איז יעצט אזוי איינג, אז ס'איז איינפאך ניטא גענוג פלאץ פאר די רעקארדס א. ד. ג.

די „עמוירדזשענסי עדיוקיישאנאל קאנפערענץ“ וועלכע ארבייט נעגען די בילס וואס זיינען פארגעשלאגען געווארען פון דער לאסק קאמיטע, האט פארלאנגט אז מיר זאלען בייששייערען 50 דאל. צו זייער פאבליסיטע ארבייט. אזוי ווי מיר זיינען געווען אנגעשלאסען אן דער קאנפערענץ, איז זייער פארלאנג באוויליגט געווארען.

אויף דעם ראט פון אונזער ליגעל אדווייזער, מייער לאנדאו, איז באשלאסען געווארען אויסצוצאהלען די טויטען בענעפיט פאר דעם פארשטארבענעם פר. לעווינסאן, מעמבער פון בר. 149, וועגען וועלכען די אפיס קאמיטע פון די עקזעק. קאם. פון לעצטען יאהר האבען געהאנדעלט און באשלאסען דיזע טויטען בענעפיט צוריקצואווייזען.

א געוויסען מעמבער פון בר. 140 האט זיך באקלאגט ביי דעם קאמישאנער פון אינשורענס פון ניו דזשוירזי, אז מען האט איהם באשטראפט מיט 10 דאל. פאר אנקלאגען א צווייטען מיטגליד אין קאורט איידער ער האט געבראכט די קלאגע געגען דעם מעמבער אין ברענטש. נאכדעם ווי דער דזשענעראל אפיס האט דעם קאמישאנער און אינשורענס ערקלערט, אז לויט אונזער קאנסטיטוציע דארף א מיטגליד זיך ווענדען פריהער צו די אפעליאציאנס קערפערשאפטען אין א. ר., האט דער קאמישאנער גוטגעהייסען אונזער האנדלונג.
רעפארט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפארט פון דער סאנאטאריום קאמיטע

פר. גוסקין, טשערמאן פון דער קאם., באריכטעט אז עס איז באשלאסען געווארען צו קויפען נאך 2 דאזען טישלאך אוועקצושטעלען אין די ליגנטוס פאר די בעטען פון די פאציענטען.

א נייער קרים־סעפערייטאר איז געקויפט געווארען פאר 150 דאל.

די אינשורענס פון אלע בילדינגס פון סאנאטאריום ווי אויך פון די מע־[illegible] איז מהעכערט געווארען, אזוי האט דער סאניטאריום טראגט יעצט ארום 200 טויזענד דאל. אינשורענס.

א קאנצערט ווערט ארראנזשירט פאר די פאציענטען אויף רעקריישאן דעי ווען די אלטע קאמיטע וועט ארויספאהרען אין סאניטאריום צוזאמען מיט די מיטגלידער פון דער נייער קאמיטע און איבערגעבען זיי דעם אמט.
רעפארט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפארט פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע

פר. גאלינסקי, וויים טשערמאן פון דער קאמיטע באריכטעט, אז פר. צביונ'ס לעקטשור טור איז געווען אן ערפאלג. פון פיעלע שטעדט זיינען אנגעקומען בריעף אין וועלכע זיי האבען באדאנקט די עדיוקיישאנאל קאם. פאר ארראנזשירען דעם טור.

אין פילאדעלפיא וועט אין גיכען ערעפענט ווערען נאך א אידישע א. ר. שול. אין ניו יארק איז נעעפענט געווארען נאך א שול דאון טאון.

עס איז באשלאסען געווארען אז די ביכער וואס זיינען יעצט ערשינען זאלען פארקויפט ווערען באזונדער, ניט אין א סעט. די פרייזען זיינען ווי פאלגט:

| | |
|---|---|
| פיזישע ערציהונג פון קינד | .75 |
| וועגען קאאפעראציאן | .75 |
| אריפמעטיק | $1.50 |
| זאאלאגיע | $1.75 |
| פיזיאלאגיע | .50 |
| כעמיע | $1.25 |
| פאליטישע עקאנאמיע | $1.00 |
| פראגראם פון ארב. רינג שולען | .20 |

די עדיוקיישאנאל קאמיטע האט אויך באשטימט צו רעקאמענדירען צו דער קומענדער עדיוקיישאנאל קאמיטע צו געבען א רייהע בעאגראפיעס פון באריהמטע מענשן.
רעפארט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפארט פון דער בענעפיט קאם.

פר. הייפערלינג, וויים־טשערמאן פון דער קאם. באריכטעט אז די באלטימאר דיסטריקט קאם. האט פארלאנגט אז מען זאל פאר זיי באווילינען 500 אדער 600 דאל. א יאהר פאר די ארטיגע האספיטאלס, ווייל מיט אזא סומע וואלטען זיי געקענט האבען א שטענדיגע א. ר. בעט אין דעם באלטימאר שטאדטישען האספיטאל. די בענעפיט קאמיטע האט זיי געענטפערט, אז נעמענדיג אין אנבאטראכט אונזער בודזשעט פאר די האספיטאלס אין אלע גרעסערע שטעדט, קען ליידער מעהר ווי 200 דאל. פאר זיי ניט באווילינט ווערען.

בר. 156 פון דעטראיט האט צוגעשיקט בענעפיט סערטיפיקייטס פאר 78 וואכען. זייער פריהערדיגער סעקרעטער האט פארנאכלעסיגט די ארבייט פון ברענטש. דער אפיס האט וועגען דעם געוואוסט אזוי האט די דיסטריקט קאמיטע פון דעטראיט די זאך אונטערזוכט. די בענעפיט קאמיטע האט באשלאסען אויסצוצאהלען בענעפיט פאר 69 וואכען און די איבריגע קראנקען סערטיפיקייטס צוריקגעשיקט ווייל די דייטס זיינען געווען צווייפעלהאפטע.

פר. ספייער איז געווען פארטראטען ביי ברענטש 489 סא. נארוואלק, קאנ. וועגען די פראגע פון 8 וואכען בענעפיט. דער האספיטאלער פון ברענטש האט אבדזשעקטעד דיזע בענעפיט אויף דעם גרונד וואס דער באטרעפענדער איז טיילווייז נאגעקומען זיין באשעפטיגונג. ביים מיטינג פון ברענטש איז פעסטגעשטעלט געווארען, אז דער באטרעפענדער איז טיילווייז נאכגעקומען זיין באשעפטיגונג און זיין בענעפיט איז דארום צוריקגעוויזען געווארען.

אויף די רעקאמענדאציע פון דער נאציאנאלער באארד און דירעקטארען און אויך אויף דעם גרונד פון א נייער ערקלערונג פון ברענטש 31, איז באשלאסען געווארען אויסצוצאהלען די בעניפט צו זייערע א מעמבערין, וועמעס בענעפיט איז מיט אומגעפער 2 יאהר צוריק צוריקגעוויזען געווארען. דער אפיעל האט זיך געצויגען זייט דאמאלס, און זיי האבען ערשט יעצט געקענט צושטעלען די באווייזען.
רעפארט ווערט גוטגעהייסען.

## קאמיטע

פר. מאגיד פון לאס אנדזשעלעס, ערקלערט, אז עס וואלט געווען ווינשענסווערט ארויסצושיקען אן ארגאנייזער ארום די שטעדט פון פאסיפישען אקעאן צו ארגאניזירען דארט נייע ברענטשעס, און אויך אויפלעבען די עקזיסטירענדע ארגאניזאציעס. ער ערקלערט אויך, אז די ברענטשעס פון לאס אנדזשעלעס האבען באשלאסען צו בויען אן ארבייטער רינג בילדינג אין דעם סאנאטאריום. די אמאלגאמייטער קלאטהינג ווארקערס און די פאריער־יוניאן ווילען בויען בילדינגס אין יענעם סאנאטאריום, וועלכע וועלען טראגען זייערע נעמען. די לאס אנדזשעלעס דיסטריקט קאם. האט וועגען דעם ארויסגעשיקט אן אפיעל צו אונזערע ברענטשעס וועלכע האבען זיך זעהר שוואך אפגערופען. פר. מאגיד רעגט, אז די נאציאנאלע עקזעק. דארף זיך פאראינטערעסירען אין דער פראגע, און העלפען די לאס אנדזשעלעס ברענטשעס צו שאפען א פאנד פאר אז א. ר. געביידע אין לאס אנדזשעלעס סאנאטאריום. דער טשערמאן פר. יודיטש ערקלערט, אז די נעקסטע עקזעק. קאם. וועט דאס זיכער נעמען אין אנבאטראכט.

• • •

פר. יודיטש האלט א קורצע רעדע, אין וועלכע ער ציינט אן אויף די שוועריגקייטען וואס די ניי־ערוועלטע עקזעקוטיוו קאם. וועט דארפען בייקומען אום צו פיהרען דעם א. ר. אויף דעם הייטערדיגען וועג פון ערפאלג. ער זאגט, אז די רעאקציע בושעוועט נאך איבער'ן לאנד, און דאס וועט פיעל שטערען יעדע ארבייטער ארגאניזאציע אנצופיהרען איהר טעטיגקייט. ער דריקט אוים די האפנונג, אז די קומענדע פארוואלטונג וועט אבער בייקומען אלע שטערונגען. ער גיט איבער די טשער צו פר. י. באסקין.

## אינסטאלישאן

פר. י. באסקין, דזשענעראל סעקרעטער פון א. ר. אינסטאלירט די נייע עקזעקוטיוו קאם. פאר דעם יאהר 1920־1921. ער האלט א ווארימע רעדע, אין וועלכער ער זאגט צווישען אנדערע פאלגענדעס:

„א גרויסע צאהל פון די אלטע פארוואלטער, וועלכע האבען דורכגעמאכט דעם שטורם און דראנג פעריאד פון א. ר., נעהן יעצט ארוים פון דער עקזעק. די עקזעק. קאמיטעס פון די לעצטע עטליכע יאהר האבען געדארפט טראגען אויף זיך די משא פון קאמף וואס איז געווען פארבונדען מיט די איינפיהרונג פון פראטווירנאל רייטס. דער א. ר. האט פאר די לעצטע עטליכע יאהר געקראגען דעם שעהנעם נאמען און רעספעקט אין דער אוניפערזליכער וועלט, און דעם צוטרוי און אנערקענונג פון די אייגענע מיטגלידער אין די אינערליכע קרייזען פון אונזער ארגאניזאציע. אבער אונזער ארבייט איז נאך ניט געענדיגט. וויפיעל דער א. ר. איז פאפולער, איז ער נאך אלץ ניט גענוג פאפולער, אזוי לאנג ווי עס זיינען פאראן ארגאניזירטע ארבייטער, וועלכע זיינען אן איהם נאך ניט אנגעשלאסען. עס וועט דארום זיין די אויפגאבע פון דער נייער עקזעק. קאמיטע צו פארשפרייטען צווישען די ברייטע אידישע ארבייטער מאסען די אידעען און אידעאלען פון א. ר., און העלפען מאכען אונזער ארדען נאך גרעסער, רייכער און שטארקער“.

ער באדאנקט דער אלטער עקזעקוטיוו פאר דער פריינדליכער און הארמאנישער ארבייט מיט די אפיס בעאמטע, און דריקט אוים די האפנונג, אז אויך די נייע עקזעקוטיוו וועט ארבייטען פריינדליך און הארמאניש צווישען זיך, פאר דעם וואהלזיין פון א. ר. ער פארערט דאן אויף צו מאכען נאמינשאנס פאר טשערמאן פון א. ר.

פר. ישורון ווערט ערוועלט אלס טשערמאן פאר דעם יאהר 1920־21.

פר. י. ישורון נעמט איבער די טשער, באדאנקט פאר די עהרע וואס מען האט איהם צוגעטיילט און דריקט אוים די האפנונג, אז די ניי־ערוועלטע עקזעקוטיוו וועט שטעהן אויף דער הויך פון דער פאראנטווארטליכקייט [illegible]

די מיטגלידערשאפט האט איהר אנטפארטרויט, און וועט אנווענדען אלע איהרע כוחות צו העלפען מאכען דעם א. ר. נאך שטארקער און איינפלוס־רייכער ווי ער איז. ער בעט דאן צו מאכען נאמיניישאנס פאר די איבריגע נאציאנאלע בעאמטע.

פר. י. אלפערט ווערט ערוועלט אלס וויים טשערמאן פון א. ר.

פר. ר. זאלצמאן ווערט ערוועלט אלס טרעזשורער פון א. ר.

פובליסיטע קאמיטע

עס ווערט באשלאסען אז די פובליסיטע קאמיטע זאל באשטעהן פון די טשערלייט פון די דעפארטמענט קאמיטע.

ליגל קאמיטע

עס ווערט באשלאסען צו ערוועלען א ליגל קאמיטע פון 5 פערזאן. אין דער קאמיטע ווערען ערוועלט פריינדע דינערשטיין, יודיטש, ראזענבלאט, אייבראמס און מאנדעל.

דער טשערמאן, פר. י. ישורון אינסטאלירט דאן אפיציעל די קאנסטי[...] טוציאנס רעוויזיאנס קאמיטע וואס איז ערוועלט געווארען פון קאנווענשאן, און וועלכע באשטעהט פון פריינדע א. דינערשטיין, ר. גוסקין, לאנגער, [...] ראטהמאן און אב. עפשטיין. דער לעצטער איז אבוועזענד, ווייל ער איז [...] אפנעפאהרען אין אייראפא אלס שליח פון דער פיפלס רעליעף קאמיטע.

---

ער אינסטאלירט אויך די קאמיטע וואס איז ערוועלט געווארען ביים [...] קאנווענשאן אויסצוארבייטען א פלאן פאר אן א. ר. היים, און פאר א היים [...] פון עלטערע מעמבערס. די קאמיטע באשטעהט פון פריינדע גאלדין, לעווי[...] טאן, וואלאס, קלופט און קופערשטיין.

עס ווערט באשלאסען, אז דער קומענדער מאנאטלי־ער מיטינג פון דער [...] נאצ. עקזעק. קאמיטע זאל אפגעהאלטען ווערען זונטאג דעם 6טען יוני.

דער מיטינג ווערט דאן געשלאסען.

פ. געליעבטער, רעקארדינג סעקרעטער.

---

## ווי די דעלעגאטען האבען געשטימט פאר דעם פארשלאג פון דער געענדערטער פרינציפען ערקלערונג.

פאר: ל. דינערשטיין, ל. ראטהמאן, י. וויינבערג, ל. בעצאהלער, ר. פיינערמאן, מ. אייבראמס, וו. באקסט, י. ארנאפאל, ל. אלטמאן, ר. נעכאמקין, ב. לעווימאן, א. לאנגער, ס. הייפערלינג, ר. האלפערין, ר. ליטאוער, י. קר־פערמאן, וו. הערמאן, מ. סינאמאן, ב. קראפקא, י. ה. גאלדבערג, ס. ראשקין, י. מאנדעל, ס. פערלעגער, ה. קליינמאן, ל. בערמאן, ב. בעקער, ה. גאטליעב, דזש. שקלאר, י. אשעראוויטש, מ. פרידמאן, מ. לעווינסאן, י. סינעל, ר. פלאקס, ד. פרידלאנד, ל. גערטלער, מ. ערלסאן, א. ראטנער, י. פינקעלשטיין, דזש. קראנץ, ה. קאהען, י. מאטער, מ. קויפמאן, ה. בראנשטיין, ל. גארפיעלד, ב. פרענקעל, מ. בלומענטהאל, ד. פערלבערג, י. גרינשפאן, ס. דזשאנסאן, וו. בלייא, ס. זוסמאן, מילער, העטראיט, מ. פלאטקין, מ. דזשענקינס, ה. באזעל, מ. בערנעל, ב. סעלין, מ. לאזארוס, מ. שאכמאן, דזש. פעלדמאן, מ. שטיינער, דזש. סאכרין, ד. תאכמאן, ס. קויפמאן, ס. וויססעלד, ה. פרידלאנד, ב. קעסעל, דזש. דזשייקאבס, דזש. גאלדפיין, ס. לעווין, ה. ברוקס, מ. שטיין, פ. בלאק, א. מאגיד, כ. זאנלין, מ. לשוים, מ. מארגאלין, ר. שטיין, מ. פאלאק, נ. סקלאר, און אורבאן;

ראגעגען שטימען פאלגענדע: ב. וואלאוויץ, פ. יודיטש, ס. גודעלמאן, י. קלופט, ר. זאלצמאן, ע. עבעריל, מ. מאלאט, א. בריק, י. מ. ראזענבלאט, מ. פערלשטיין, ב. בענדזשאמין, ס. קאהען, י. גראסמאן, טאליסמאן, דזש. נעכאוויטש, דזש. באומאן, ה. וויליג, ה. טערר, א. שווארץ, ב. קאבלענץ, נ. ראזענפעלד, מ. סלאווין, א. פאליש, מ. תאראש, מ. לאמבערט, ד. אשינסקי, י. גאלדבלאט, ס. לייבאוויטש, ח. הארקאף, קארמאן, קראלל, ס. וויססמאן, ס. ה. לעווין, מ. קאהען, י. גוסטאנאוו, דזש. לעווין, ה. וויינבערג, דזש. שייפער, ס. מאגולעווסקי, עפעט, פיין, א. שפירא, ס. סטערלין, דזש. קירש־טיין, פ. שיינבערג, ה. שטיינבערג און פ. סילווער.

---

## דער אמת וועגען ברוקלין

מיט מיין גרעסטען רעספעקט צו מיין ווידדיגען פריינד אב. עפשטיין מוז איך באהויפטען, אלס איינער וואס איז ערשינען אין דער ברוקלינער רעלעגאציע פאר דער נאצ. עקז. אז דער פארלאנג פון די ברוקלינער ברענט־שעס איז נישט געווען גלאט סעפעראטיזם אין דער וועלט אריין, ארער אז זיי זאלען ערוועלען אליין מיטגלידער צו דער פארוואלטונג. דער פארלאנג איז אויסדריקליך געמאכט געווארען נאר אין באצוג צו וואהלען פאר רעלע־גאטען צו דער קאנווענשאן. די ברוקלינער ווערען במל־בששים אין א אל־געמיין ניו־יארקער קאנפערענץ און קענען זעלטען ערוועהלט ווערען.

מענליך איינינע ברוקלינער מיטגלידער טראגען זיך נאך ארום מיט מיי־נונגען וועגען באזונדערע מיטגלידער פאר דער פארוואלטונג, אבער דאס איז נישט מאסגעבענד פאר די ברוקלינער ברענטשעס.

אז די נאצ. עקזעק. האט געטאן א גלייכע און א גערעכטע זאך מיט איהר באוויליגען דעם פארלאנג פון די ברוקלינער ברענטשעס קען מען זעהן פון דעם פאקט, וואס דאס יאהר האבען זיי טאקע געטאן אויסגעצייכענטע ארבייט. אזוי האט למשל בר. 8 פאר א יאהרען געשאפען נאר קלאגענדיגע 25 דאל. פאר'ן רעליעף, אבער היינטיגען יאהר האט דער זעלבער ברענטש געשאפען טויזענט דאל.

דאס איז די פרוכט פון איינינקייט און צופרידענהייט.

ס. זוסמאן, בר. 3.

---

## רעזאלוציאן פון בר. 45 א. ר.

נאכדעם ווי ביי די מיטינגען פון בר. 45 א. ר., איז פארגעלעזען גע־ווארען די צוויי בריעף, איינער פון די פעטערסאנער סיטי און דיסטריקט קאמיטע, ניט צו שטימען פאר ס. וואלאס צו דער עקזעק. און דער צווייטער בריעף פון בר. 75 א. ר. אגיטירענדיג פאר איהם יא צו שטימען, דריקען מיר אוים אונזער באדויערונג וואס אזעלכע בריעף זיינען ארויסגעשיקט געווארען.

מיר געהען ניט אריין אין די איינצעלהייטען פון קאמף וואס איז פאר־געקומען אין פעטערסאן, אויך ניט אין די איינצעלהייטען פון דער מיספאר־שטענדנים וואס איז פארגעקומען צווישען דער גריוועגס קאמ. פון וועלכער ס. וואלאס איז טשערמאן און די פעטערסאנער ברענטשעס, נאר דער פאקט אז אזעלכע בריעף אגיטירענדיג פאר, אדער נעגען געוויסע קאנדידאטען, עפענט אויף א וועג פאר פאליטיק, וואס קען אמאל פארוואנדעלט ווערען אין ניט זויבערע מעטהאדען, און עס קען נאך אמאל ברייננען צו שאנדע דעם ארב. רינג.

דער ריכטיגער וועג, אויב די פעטערסאנער דיסטריקט קאמ. האט אויס־צוזעצען געגען א געוויסען קאנדידאט פאר דער עקזעק., איז דער פלאץ די קאנווענשאן פון א. ר., און דארט האט די פעטערסאנער קאמ. זיך באדארפט ווענדען, און דאס וואלט געווען א מעהר פריינדליכען וועג.

מיר האפען אז די ברענטשעס און די דיסטריקט קאמיטעס, וועלען אין דער צוקונפט ניט באנוצען אזעלכע מעטהאדען, וואס מוזען סוף כל סוף ברייננען ניט געווינשטע רעזולטאטען.

י. קעלמער, סעק. בר. 45, א. ר.

---

## א בריוועל פון שריוופארט, לואיזיאנא.

כאטש מיר זיינען ווייט אוועק אין דער סאוטה־וועסט, אפגעריסען פון די אידישע ארבייטער־צענטרען, פונדעסטוועגען מוט אונזער ברענטש אויף גוטע ארבייט. מיר לאזען זיך פיהלען מיט אונזערע טעטינקייטען אין דער היגער אידישער געזעלשאפט. מיר האבען זיך אויסגעצייכענט אין דער היילינער רעליעף ארבייט צווישען אלע אנדערע אידישע קערפערשאפטען אין שטאדט. מיר האבען מיט עטליכע חדשים צוריק געהערט דא פר. פ. יודיטש פון דער נענ. עקז. און ער האט אונז צוגעגעבען מוט און באגייסטערונג פאר ווייטערדיגע ארבייט. מיר באנוצען זיך מיט דעם צו דאנקען דער נענ. עקז. פאר שיקען אונז פר. יודיטש, וואס מעהר באזוכען די ברענטשעס און איהר גוטע פון זיי מעהר האבען נוטעס.

מ. וויינגער, סעק. בר. 415 א. ר.

---

## א שטימע פון די בערג.

פריינדע! דיזער אפיעל איז געווענדעט צו אלע פרייהייט־ליבענד[...] מענשען בכלל און ארבייטער רינג מעמבערס בפרט, וועלכע קומען אויף [...] קורצע צייט צו געניסען די רוהה אין די מאונטיינס.

צו דעם דריי־יעהרינען עקזיסטענץ פון אונזער ברענטש 610, וועלכע[...] מיר האבען געפייערט אין אונזער אייגענע היים וועלכע איז געקויפט גע[...] ווארען פיר א לייסעאום און לייברערי, דורך די גרויסע אנשטרענגונג פו[ן] אונזער קליינע צאהל מעמבערס, איז אונז געלונגען צו קויפען א הויז אי[ן] דעם שעהנסטען צענטער פון שטאדט. אום דיזע אונטערנעהמונג זאל זיין א [...] ערפאלג, שטיצען מיר זיך אויף אייך, בעזוכער פון די מאונטיינס, צו העלפען[...] דאס איהר זאלט פאראינטערעסירען די באארדינג־הויז קיפערס וואו איהר [...] סטאפט צו מאכען פארשיידענע אונטערנעהמונגען צו ערר[ייכען] א פינאנ[...] ציעלען ערפאלג.

העלפט! העלפט! פריינדע! דורך די קורצע צייט וואס איהר געפינט [...] זיך ביי אונז. אזוי ווי מיר ענטפערען צו יעדען רוף צו די שטאדטישע.

בר. 610, א. ר., מאנטיסעלא.

---

(פארזעצונג פון זייט 54).

טייערע פריינדע, נעהמט צו אונזער ווארימע באגריסונג. מיר ווינשע[...] אייך ערפאלג אין אייער גוטער ארבייט.

ברענטש 343 א. ר. הארטפארד, קאנג.

באגריסונג. ערפאלג אין אייערע פארהאנדלונגען.

ברענטש 351 א. ר. ניו יארק.

גראטולאציאן. זאל די ארבייט אייערע זיין אין די אינטערעסען פו[ן] פרייהייט און אמת'ע דעמאקראטיע.

ברענטש 353, דולוטה, מינ.

בעסטע ווינשע פאר אן ערפאלגרייכען און פרוכטבארען קאנווענשאן.

בר. 362 קעמדען, נ. דזש. מ. סניידער, סעק.

גראטולאציאן און ווינשע צום צוואנציגסטען קאנווענשאן. האלט אוי[ף] די פאהן פון ארבייטער איינינקייט און באלייכט אונז דעם וועג צו אונזע[ר] אידעאל.

ברענטש 365 ניו־פארט־ניוס, ווירדזשיניא.

באגריסונג. זאל דער גייסט פון הארמאניע און איינינקייט דורכדרינגע[ן] אין אלע אייערע פארהאנדלונגען. ערפאלג אין דער צוקונפט.

ברענטש 367 א. ר. ניו יארק. פ. ריטץ, סעק.

הערצליכע באגריסונג און ווינשע פאר ערפאלג.

בר. 369 א. ר. ניו יארק. א. וויגאדא, סעק.

באגריסונג צום צוואנציגסטען קאנווענשאן פון א. ר.

בר. 380 א. ר. עלענטאון, פא., ד. פערלמאן, סעק.

רעלעגאטען! נעהמט צו אונזער הארציגע באגריסונג. מיר ווינש[ען] אייך ערפאלג.

בר. 386 א. ר. ניו יארק. ס. פינקעלשטיין, סע[ק].

מיר באגריסען אייך און ווינשען אז אייער ארבייט זאל זיין דורכ[...] געדרונגען מיט אונזער אידעאלען גייסט.

ברענטש 395 ראק איילענד, איל.

בעסטע ווינשע צו אונזער צוואנציגסטען קאנווענשאן. נעהמט א[ן] אנבעטראכט די ווינשע פון אונזערע סויטהערען רעלעגאטען.

ברענטש 415 שריוופארט, לואיזיאנא.

הערצליכע באגריסונג צום צוואנציגסטען קאנוועשאן. מיר ווינשען [...] האבען אין טאראנטא דעם 21טען קאנווענשאן פון א. ר.

בר. 416 טאראנטא, קענעדע. ה. טשערקאווסקי, סע[ק].

בעסטע ווינשע פאר די פארזעצונג פון אייער ערפאלג. ארבייט פא[ר] דער באפרייאונג פון אונזער אלטען באליעבטען וועטעראן יודזשין דעבס.

ברענטש 421 א. ר. פעטערסאן, נ. דזש.

מיר גראטולירען אייך פאר אייער שעהנע נאבעלע ארבייט, זעצט פאר[ט] דעם קאמף פאר א בעסערע געזעלשאפט.

ברענטש 426 א. ר. מאנטשעסטער, נ. ה.

הערצליכע גראטולאציאן, ערפאלג אין אייער ארבייט.

ברענטש 471 א. ר. ברוקלין, נ. י.

מיר ווינשען אייך ערפאלג אין אייערע אונטערנעהמונגען. הונדער[ט] און פינף און צוואנציג טויזענד מעמבערס צום נעקסטען קאנווענשאן.

ברענטש 478 א. ר. שיקאגא, קאסאוויץ, סעק.

זאל שכל, יושר און אן ערהאבענער גייסט דורכדרינגען אין אלע אייער[ע] פארהאנדלונגען.

בר. 507 א. ר. ברוקלין, נ. י. נ. שווארץ, רעק. סעק.

בעסטע ווינשע פאר ערפאלג. בר. 510 ניו יארק.

מיר גראטולירען דעם צוואנציגסטען קאנווענשאן און ווינשען ערפאלג.

ברענטש 523 הארטפארד, קאנג. י. גענדלער, סעק.

הערצליכע גראטולאציאן און בעסטע ווינשע, צוזאמען מיט אלע ברענט[...] שעס וועלען מיר שטרעבען צו מאכען אונזער „רינג" גרעסער און שטאר[...] קער. הונדערט טויזענד מעמבערס צום נעקסטען קאנווענשאן.

ברענטש 534 א. ר. פילאדעלפיא. ד. פרעסמאן, סעק.

פארווערטס, גענאסען! הונדערט טויזענד מיטגלידער און אן ארבייטע[ר] רינג היים אין ניו יארק.

ברענטש 555 א. ר. ניו יארק.

מיר גראטולירען אייך צום צוואנציגסטען געבורטסטאג פון אונזע[ר] „רינג". מיר ווינשען דעם נעקסטען קאנווענשאן אין טאראנטא.

ברענטש 572 טאראנטא, קענעדע.

הארצליכע באגריסונג צום צוואנציגסטען קאנווענשאן. מיר ווינש[ען] ערפאלג. מיר שיקען אונזער טהייל — א טשעק אויף 150 דאלאר פאר ד[י] מלחמה קרבנות.

באגריסונג און בעסטע ווינשע. בר. 610 א. ר. מאנטיסעלא, נ. י.

ברידערליכע באגריסונג און ווארימע ווינשע פאר אויפבויענדע ארבייט.

ברענטש 615 ניו יארק.

מיר ווינשען ערפאלג אין אייער קאמף פאר דער ענדליכער באפרייאונ[ג] פון ארבייטער קלאס.

ברענטש 632 א. ר. ניו יארק.

הערצליכע באגריסונג. אייערע פאר ווייטערדיגען ערפאלג.

בר. 639 א. ר. ניו יארק. ה. מאוויץ, סע[ק].

מיר באגריסען אייך, און ווינשען אייך ערפאלג.

ארב. רינג בר. פון לאנג־ברענטש[...]

# Workmen's Circle

## VALUATION EXHIBIT

### ASSETS—Actual and Contigent.

| | |
|---|---|
| Admitted Assets, less $160,294.67 General or Expense Funds and Funds Not Available for Claims .......... | $1,031,139.59 |
| Total .......................... | $1,031,139.59 |
| Amount of Gen. or Expense Fund, including Non-Admitted Items ..... | $11,147.22 |
| Amount of "Non-Admitted Assets"... | 80,352.61 |

### LIABILITIES—Actual and Contingent.

| | |
|---|---|
| Present Mid-Year Value of Promised Benefits ........................ | $879,767.00 |
| Accrued Liabilities, less Expense and claims against Funds not Available for Claims ...................... | 55,898.85 |
| Net Sick and Accident Fund, less Non-Admitted Items .................. | 75,812.26 |
| Total ............................ | $1,011,478.11 |
| Accrued Claims on General or Expense | None |
| Assets to Liabilities .................. | 101.93% |
| Actual to Required Reserve....... | 102.223% |

The above Valuation indicates that on the ba[sis] of the National Fraternal Congress table of m[or]tality with interest at 4 per cent., the future asse[ss]ments of the society, at the net rates now being c[ol]lected, together with the now invested assets, [are] sufficient to meet all certificates as they mature [by] their terms, with a margin of safety of $19,661.48 [(] 1.92%) over and above the statutory standards.

I HEREBY CERTIFY THAT the above Valuation Exhibit, setting forth the condition of the WORKMEN'S CIRCLE as of December 31, 1919, has been prepared by myself in accordance with the requirements of the statute and that the same is correct and true to the best of my information, knowledge and belief.

GEORGE DYRE ELDRIDGE
ACTUARY.

Boston, Massachusetts,
May 3, 1920.

---

STATEMENT OF THE OWNERSHIP, MANAGEMENT, CIRCULATION, ETC., REQUIRED BY THE ACT OF CONGRESS OF AUGUST 24, 1912, of The Friend, published monthly at Pasaic, N. J., for April 1st, 1920.

State of New York, County of New York, SS:

Before me, a Commissioner of Deeds, in and for the State and county aforesaid. personally appeared Israel B. Bailin, who, having been duly sworn according to law deposes and says that he is the Managing Editor of The Friend and that the following is, to the best of his knowledge and belief, a true statement of the ownership, management (and if a daily paper, the circulation), etc., of the aforesaid publication for the date shown in the above caption, required by the Act of August 24, 1912, embodied in section 442, Postal Laws and Regulations, printed on the reverse of this form, to wit:

1. That the names and addresses of the publisher, editor, managing editor, and business managers are:
Publisher: The Workmen's Circle, 175 E. Broadway, N. Y,
Editor: I. B. Bailin, 175 E. Broadway, N. Y. City.
Managing Editor, I. B. Bailin, 175 E Broadway, N. Y City.
Business Manager: Joseph Baskin, 175 E. Broadway, N. Y.,

2. That the owners are: The Workmen's Circle, 175 E. Broadway, N. Y. City, fraternal organization; no stockholders.

3. That the known bondholders, mortgagees, and other security holders owning or holding 1 per cent or more of total amount of bonds, mrtgages, or other securiti[es]
None

4. That the two paragraphs next above, giving the na[mes] of the owners, stockholders, and security holders, if [any] contain not only the list of stockholders and security hol[ders] as they appear upon the books of the company but als[o in] cases where the stockholder and security holder appears [upon] the books of the company as trustee or in ony other fidu[ciary] relation, the name of the person or corporation for whom [such] trustee is acting, is given; also that the said two paragr[aphs] contain statements embracing affiant's full knowledge an[d be]lief as to the circumstances and conditions under which s[tock]holders and security holders who do not appear upon [the] books of the company as trustees, hold stock and secu[rities] in a capacity other than that of a bona fide owner; and [this] affiant has no reason to believe that any other person, [...] contain statements embracing affiant's full knowledge an[d ...] the said stock, bonds, or other securities than as so s[tated] by him.

ISRAEL B. BAILIN, Editor

Sworn to and subscribed before me this 1st da[y of] April, 1920.

(Seal) JULIUS EPSTEIN, Com. of D[eeds]

(My commission expires Feb. 4, 1921.)

## דער באנקראט פון דער קאפיטאליסטישער ערציהונג

(שלוס פון זייט 24).

ארויסהעלפען אן אנדערן אין דער שול־ארבייט בעטראכט מען פאר א שול־פארברעכען. דער גייסט פון פריי פארברייני־גען, אויסבייטען מיינונגען און אידעען, געבען עצות און ער־צעהלען איינער דעם אנדערען פון זייערע ערפאהרונגען, קען נאר קיין רעדע ניט זיין. דאס קינד פארקירט דארום באלד דעם אינטערעס צו דער שול מיט איהרע ארבייט, און אפט הערט מען אן אויסדרוק: „אי העיט רהי סקול!״ עס וואקסט אויף א׳יונגער דור, וואס איז ניט באקאנט מיט קיין איינציגער שטיק ליטעראטור, חוץ דעם, וואס מען האט איינגעשלונגען ווי א מעדיצין זייענדיג אין שול; עס האט קיין אינטערעס פאר ברייטע געזעלשאפטליכע, פאליטישע אדער עקאנאמישע פראב־לעמען, וואס שפיעלט זיך אפ אין לעבען און וואס שפיגעלט זיך אפ אין דער נאציאנאלער ליטעראטור. און דער רעזולטאט איז — א גייסטיגע און אינטעלעקטועלע ארעמקייט פון דער יוגענד.

ניט ווייניג איז אין דעם שולדיג די באציהונג פון דער געזעלשאפט צו דער שולע. די געזעלשאפט קוקט אויף דער שולע ניט ווי אויף אן אינסטיטוציע, וואו דאס קינד דארף קריגען זיין גייסטיגע, מאראלע און אינטעלעקטועלע ענטוויק־לונג, וואס דארף אויסבילדען א בעסערען מענשען פאר דעם קומענדען דור, אין וועמעס געזעלשאפט עס וועט דארפען אנ־טייל נעהמען אלס אן אקטיווער מיטגליד, נאר ווי אויף א פלאץ, וואו מען קאן זיך אויסלערנען לעזען און שרייבען און רעכענען, ניט ווייל דאס קינד וועט עס דארפען האבען אין זיין פראקטישען לעבען, נאר כדי עס זאל זיין „געבילדעט מיט לייטען גלייך״. עס פעהלט דער געזעלשאפט די אכטונג פאר

קולטור, ענטוויקלונג פון פערזענליכקייט, וואס העלפט מא[...] דאס לעבען שעהנער און איידעלער; איהר איז אויך [...] פרעמד דערוויל דער געדאנק, אז די שול גופא דארף די[...] דער יוגענד אלס אן אינסטרומענט פאר דעם אנפאנג פו[...] רייכען אקטיווען געזעלשאפטליכען לעבען, אנשטאט אן געזונדערטען פלאץ, וואו דאס קינד לערנט לעקסאנס.

אין די ווייטערדיגע ארטיקלען וועל איך פרובירען ווייזען, אז אין דעם איצטיגען געזעלשאפטליכען סיסטעם [...]נען קיין ראדיקאלע ענדערונגען ניט געמאכט ווערען אויף [...] געביעט. די קאפיטאליסטישע געזעלשאפט איז ניט פאר[...]טערעסירט צו ערציהען א דור, וואס זאל האבען א ל [...] מ י נ ע ג ע ז ע ל ש א פ ט ל י כ ע אינטערעסען אויפגאבען. זי זוכט ניט צו ענטוויקלען יעדע פעהיגקייט פ[...] קינד. זי שטערבט ניט צו געבען א מעגליכקייט דעם [...] זיך ניצליך צו מאכען פאר דער געזעלשאפט. א געזעלש[...] וואס איז באזירט אויף פראפיטען, וואס איז געבויט [...] „העלפ יורסעלף״ און „מיינד יור און ביזנעס״, זוכט נאר צופאסען דאס קינד צו די אונטערדריקונגס ראהמען, אין [...]כע עס וועט דארפען לעבען.

איך וועל פרובירען ווייזען, אז די בעסטע מעטאדען, [...] די אנגעזעהענסטע פעדאגאגען פון אונזער צייט, פרעבעל, [...]טאלאצי, פערערי, דזשאן דיואי, מאנטעסארי און אנד[...] קענען ניט אויסגענוצט ווערען אין א קאפיטאליסטישער [...]זעלשאפט פאר די ברייטע פאלקסמאסען.

„מענס סאנא אין קארפארע סאנא״ (א געזונטער [...] קען זיין אין א געזונטער קערפער). אויב מיר ווילען האב[...] געזונטע ערציהונג פאר׳ן יונגען דור מוזען מיר האבען א [...] זונטע סביבה, אין וועלכער דער דור זאל זיך קענען ערצי[...] אין אונזער געזעלשאפט געפינען מיר דאס ניט.

## בריעף־קאסטען.

ראזענוואלד, פוטנאם: נישטא קיין נייעס דאס מאל אין אייער קארעס־פאנדענץ. דער דאנקאויסדרוק וועט ערשיינען צוזאמען מיט אלע דאנק־רעזאלוציאנען.

פעליקס זאנדבערג, בראנקס: מענליך, אז אנדערע רעדאקטארען זיינען ווייך־הערציגער און אפשר איז עס טאקע ווי איהר זאגט, אז זיי פארשטעהן בעסער גוטע פאעזיע — אבער, ליעבער פריינד, מיר האבען נאך אלץ נישט קיין אורזאכע צו ענדערען אונזער מיינונג.

קלמן פארמאן: עס איז נישט קיין פיש און נישט קיין פויגעל, נישט קיין ארטיקעל און נישט קיין קארעספאנדענץ. מיר וועלען אייך אמאל טאן אנ׳אנדער געפעליגקייט, אבער נישט אזא...

ם. קליין, 246, ניו יארק: עס וואלט געווען א גוטער ארטיקעל, ווען מ׳וואלט איהם ערטערווייז געקירצט, אבער ליידער קענען מיר איהם נישט דרוקען, ווייל דער צווייטער צד איז צוליעב פארשטענדליכע טעמים אונ־מעגליך צו פארטיידיגען זיין פאזיציע. יא, פריינד קליין, מיר לעבען אין פרעהליכע צייטען.

א. ט. פארטלאנד: פון די צוויי ליעדער וועלען מיר דרוקען: „די אלטע״ — עס איז ניט שלעכט. צו דעם בילד „א קינד״ נאך נישט צוגעקו־מען. שיקט אייער אדרעס.

פ. זאקס: מענליך עטוואס שפעטער. די יעצטיגע נומערן זיינען איבערגעפאקט.

יאנאס ווייס, דענווער: איהר האט עס אדרעסירט קיין פאסייק, נו איז זיך עס דארט געלעגען ביז יעצט (די רעדאקציע געפינט זיך, זייט וויסען, אין גענעראל אפיס.) ווען נישט דאס וואלטען מיר אייך פריהער געענטפערט, אז דער ארטיקעל קען, ליידער נישט געדרוקט ווערען, ווייל ער איז נישט גוט בעארבייט. אהן צווייפעל איז ער גוט געמיינט... אויב איהר קענט מאכען עס קירצער וועלען מיר דרוקען...

צו אונזערע מיטארבייטער קארעספאנדענטען: צוליב מאנגעל אין פלאץ קענען נישט אריינגעהן אין דעם נומער עטליכע ארטיקלען, וואס זייי־נען באשטימט געווארען אריינצוגעהן. דאס זעלבע איז די אורזאכע פאר־וואס עס ווערען איבערגעלאזען פאר׳ן צווייטען נומער די דאנק־ און טרויער־רעזאלוציאנען א. ז. וו.

## ווען די פארוואלטונג־קאמיטעס מיטען:

מאנטאג, 6 אווענט — — — — — — — עדיוקיישאנאל קאמיטע.

מאנטאג, 8 אווענט — — — — — — — — גריוועגס קאמיטע.

דינסטאג, 7.30 אווענט — — — — — — ארגאניזאציאנס קאמיטע.

מיטוואך, 6 אווענט — — — — — — — — אפיס קאמיטע.

דאנערשטאג, 6 אווענט — — — — — — סאניטאריום קאמיטע.

דאנערשטאג, 8 אווענט — — — — — — — בענעפיט קאמיטע.

ד י ג ע נ ע ר א ל ע ק ז ע ק ו ט י ו ו ק א מ. מיטעט אין די זומער מאנאטען יעדען ערשטען מיטוואך אווענט אין מאנאט.

## צווייטע יעהרליכע קאנווענשאן פון נ. י. דיסטריקט מ[...] דעפארטמענט פון ארבייטער רינג.

זונטאג דעם 13טען יוני, 10 אין דער פריה, אין פארווערטס הא[...] פר. גאלדין פון בר. 1 געעפענט די 2טע יערליכע קאנווענשאן פון נ. ר. טריקט מעדיקאל דעפארטמענט מיט א קורצען איבערבליק איבער דער טיגקייט פון דעם דעפט. פאר א גאנצען יאר. עס ווערען ערוועהלט פ[...] לעווימאן, אלס טשערמאן, פר. מאנדעל (בר. 225) אלס וויס־טשערמא[...] פר. סמאפסקי פון בר. 260 אלס סעקרעטער.

ס. וואלאס גיט דאן אפ אן אויספיהרליכען באריכט פון [...] צען יאהר טעטיגקייט. ער ווייזט אן, אז זיי האבען אנגעפאנג[...] ארבייט אהן א סענט אין טרעזשורי און בלויז די איבערגעבנ[...] פון די קאמיטע־לייט און דעם בעוואוסטזיין אין דער ניצליכקייט גרויסקייט פון דער זאך האט זיי ארויסגעהאלפען צו ברייגען דעפארטמענט צו דער שטופע ווי ער איז יעצט. ער האט אנגע[...] אויף די פיעלע פראגען, וועלכע זיי האבען געהאט צו שליכט[...] פראגען וועגען אנשטעלען פאסיגע דאקטוירים, א פאסיגע פערזא[...] מענעדזשער, צו באקעמפען די אינפלוענציע, וועלכע איז גע[...] ערשטער ספעציעל שווערער עקזאמען. אלע דיעזע פראגען [...] אבער פון דער קאמיטע געלייזט געווארען זעהר צופרידענשטע[...] פר. וואלאס ווייזט אויך אן אויף די נייע פלענער, וועלכע די קא[...] האט אנגעפאנגען צו טאן, ווי, צום ביישפיעל, אנשטעלען פראפע[...] זיך פארבינדען מיט איניגע דראג סטארס, דענטאל קליניקס א. [...] ער ווייזט אויך אן, אז ס׳איז זאגאר מעגליך, דאס מען וועט [...] שאפען אן אייגענע יוניטי הויז אין א קאנטרי.

פר. קאנער, מענעדזשער, גיט דאן איבער דעם פינאנציעלע[...] ריכט פאר די לעצטע 3 קווארטאלען. פר. ם. העסקעל רעדט דא[...] גען העכערען די צאהלונגען צום דעפארטמענט. ער ווייזט אן [...] די העכערונג וועט געבען א מעגליכקייט די נעקסטע קאמיטע א[...] פיהרען די אלע פארבעסערונגען. צום שלוס ווערען אנגענומען געגדע רעזאלוציאנען:

1) צו באדאנקען די גאנצע קאמיטע ווי אויך דעם מענע[...] פאר זייער טעטיגע ארבייט.

2) צו באדאנקען די נאצ. עקז. קאמ. פאר אפגעבען דעם [...] דעפ. פלאץ פאר אן אפיס.

3) צו באדאנקען פר. באסקין, דעם סעק. פון א. ר. און י. ב. ב[...] רעדאקטאר פון „פריינד״ פאר זייערע פריינדליכע מיטהילף.

4) צו. העכערען די צאהלונגען צום דעפארטמענט אויף 20 [...] פון מעמבער פער קווארטאל.

5) צו בעטען די נאצ. עקז. זי זאל אויך אויף ווייטער [...] דיזען דעפארטמענט פלאץ אין אפיס פון א. ר.

מען געהט דאן איבער צו וואהלען און פאלגענדע ווער[...] וועהלט אין דער קומענדער פארוואלטונגס קאמיטע: ה. גאלד[...] העסקעל, מאנדעל, בראנשטיין, פארלעגער, ליבמאן, קארעפסקי, [...] גארסאן, טאור און קאטצענבערג.

To the Postmaster:—Please give key number on all notifications pertaining to change of address

# דער פריינד

אָפיציעלער אָרגאַן פון
אַרבייטער רינג

## אינהאַלט:



AUGUST 1920

THE FRIEND
OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMEN'S CIRCLE

אויגוסט, 1920

# THE FRIEND

OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMEN'S CIRCLE

Published Monthly

E. H. JESHURIN, National Chairman
I. ALPERT, National Vice Chairman
L. ARKIN, Sec'y N. B. of Directors
J. BASKIN, General Secretary
P. GELIEBTER, Recording Sec'y
R. SALTZMAN, Treasurer

I. B. BAILIN, Managing Editor

Office of Publication:
11 Martha Place, Passaic, N. J.
General Office:
175 E. Broadway, N. Y. City.

Subscription Rates:
Per Annum, 50c. Six Months, 25c
Single Copy, 5 cts.

Entered as second class matter April 21, 1911, at the Post Office at Passaic, N. J.

THE FRIEND



דער פריינד

Vol. XI | AUGUST, 1920 | No.

# פון מאָנאַט צו מאָנאַט

ביליוזאַציע. דער רוף פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו־סאָם.
פון אַ. ר. פאַר אַ נייעם מיטגלידערשאַפט־
פּיין, שטעלענדיג זיך אַלס ציעל די ליניע פון הונדערט־טויי־
ם מיטגלידער, האָט שוין דערגרייכט אַלע אונזערע ברענ־
ועס. טראָץ די הייסע זומער־מאָנאַטען און די געוועהנליכע
ריפּערענץ צו קהל'שע זאַכען אין דער צייט פון יאָהר, נע־
ן זיך שיין די מערבאַוועגליכע ברענטשעס און ניי־ערוועהל־
דיסטריקט־קאָמיטעס אָנצוצייכענען די ליניעס פון דער גראַנ־
נזער אַרבייט אין אויסצואַרבייטען דעטאַליזירטע פּלענער. אַז
ר רוף פון דער נאַצ. עקזעקוטיווע איז נישט גלאַט אין דער
לט אריין אַ פייערווערק סנאַל כדי עס זאָל פרייליכער ווערען
יפ'ן הארצען, נאָר איז טאַקע אַ רעזולטאַט פון אַ גענויער
שאַצונג פון מעגליכקייטען און כחות איז קלאָר פאַר יעדען
נעם, וואָס האָט נאָר אַ טראַכט געטאָן וועגען דעם מערקווירדי־
ען וואוקס פון אַ. ר. פאַר די לעצטע דריי יאָהר. זיי זיינען
ן ספק געוועזען נישט קיין גינסטיגע יאָרען. און דאָך זעהען
י אַז איבער דרייסיג טויזענט נייע מיטגלידער זיינען אריינ־
ומען פאַר די דריי יאָהר אין אונזערע רייהען. מיר האָבען
ך פאַר די לעצטע צוויי יאָהר אליין געהאַט אַ נעטען צואוואוקס
צוואַנציג טויזענט מיטגלידער, אין דער צייט
ן אַנדערע אָרדענס האָבען פאַרלאָרען טויזענטער, אָדער אין
סטען פאַל געבליבען שטעהן אויף אַן אָרט. מיט וואָס ער־
נרט זיך עס אויב נישט מיט דער אויסערגעוועהנליך הויכער
אַליטעט פון אונזער אָרדען, אויב נישט מיט דעם ברייטען
טיפען רעזערוואואַר פון ראַדיקאַל־געשטימטע אַרבייטער און
קסמאַסען פון וואַנען אונזער אָרגאַניזאַציע שעפּט איהרע נייע
ראָמען. אָט די וויטאַליטעט האָט נאָך נישט דערגרייכט איר
סטען קולמינאַציאָנס־פּונקט. מיר זיינען נאָך נישט נעקומען
דער שטופע פון ענטוויקלונג, וואָס אַ רגע נ אָ ך איר הייסט
ן אַ טריט צו אַלטקייט, אָפּגעלעבטקייט און טויט. און דער
ערוואואַר אונזערער האַלט נאָך דערווייל אויך נישט ביים
סגעשעפּט ווערען: די לעצטע יאָרען האָבען אריינגעוואָרפען
די רייהען פון די אידישע אָרגאַניזירטע אַרבייטער אַרום
יי הונדערט טויזענט נייע רעקרוטען. מיר ווילען, פאַרשטעהט
, קריגען דערפון אונזער פּראָפּאָרציאָנעלען חלק אויב מיר
ען נאָר אַנטוויקלען דעם פולען אימפּעט פון אונזערע באַ־
ליכע ברענטשעס.

דער קאַמפּיין פאַר אַ הונדערט טויזענט מיטגלידער אין
, צו דער 21־טער קאָנווענשאָן האָט זיך געעפענט. די
ראַל־עקזעקוטיווע אין אַלגעמיין און די נאַציאָנאַלע אָרגאַני־
יאָנס־קאָמיטע איבערהויפּט וועלען ביישטייערן אַלע זייער־
כחות און פעהיגקייטען, אַז ער זאָל זיין דער בעסט־געפירטער
פּיין, וואָס מיר האָבען ביז יעצט געהאַט. עס וועט אָבער
ל ניט דערגרייכט ווערען, ווען די ברייטע מיטגלידערשאַפט
אונזער רינג וועט זיין פּאַסיוו. אַ ל ע מוזען גערופען
ען צום דיענסט, אַ ל ע מוזען מאָביליזירט ווערען אין
אַקטיווע, אין די פאָדערשטע רייהען

* * *

די רעליעף אַקציע. אין דערזעלבער צייט אָבער וועט אונז אויך אויסקומען צו פירען אַ פאַרשטאַרקטען קאַמפּיין פאַר'ן רעליעף. אונזער ציעל פאַר דעם יאָהר איז פ י נ ף א ו ן ז י ב ע צ י ג ט ו י ז ע נ ט ד א ל ע ר. די עקזעקוטיווע האָט זיך געשטעלט אויפ'ן שטאַנדפּונקט, אַז מיר מוזען אַליין ברעכען אונזערע אייגענע רעקאָרדס, אַן אַמביציע, וואָס דאַרף תמיד ערמוטיגט ווערען ביי יחידים, אַזוי גוט ווי ביי אָרגאַניזאַציעס. די, וואָס האָבען געטאָן גרויסע זאַכען פאַר אַ יאָרען זיינען אונז שוין יעצט פרעמדע — און האָבען מ י ר א ל י י ן דאָס געמענגט זיין. ז י י זיינען פאַר־אַ־יאָריגע. מ י ר זיינען ה י י נ ט י ג ע, און מיר וואָלטען וועלען זעהן דעם ה י י נ ט פאַרטונקלען דעם נ ע כ ט ע ן, כאָטש מיר האָבען אַליין געהאַט אין אים אַ שטיקעל חלק. דאָס איז אָבער ווייט ניט דער עיקר. אַמביציעס אָהן הויכע מאָטיווען זיינען הבל־הבלים. די הויפּט־זאַך איז דאָ טאַקע דער ר ע ל י ע ף א ל י י ן. וואָס אַ טאָג ווערט פאַרגרעסערט דער חורבן אין די אידישע מקומות פון פוילען, ליטאַ און טיילען פון דער אוקראַינאַ. וואָס אַ טאָג און פאַר אונז קומט אַרוים בולט'ער דער שרעקענס־בילד פון יענע לענדער, אויב מיר זאָלען נישט פאַרצווייפאַכען אונזער פרייגיביגקייט און ווירקליך פאַר־זוכען כאָטש ווי עס געהער צו זיין אויפבויען דעם רואינירטען און הפקר'דיגען מצב פון אונזערע דאָרטיגע ברידער וועלען מיר מעגען געשטעמפּעלט ווערען אין דער געשיכטע אַלס מיזעראַבלע ברואים און ברוטאַלע פאַרברעכער.

* * *

אין סאַניטאַריום. נאָך די אומרוהיגע און אומגליקליכע טעג פון פאַר־אַ־יאָרען אין סאַניטאַריום, ווען צושטערענדע עלעמענטען האָבען זיך געפּרובט אויסאיבען זייער צושטערונגס־קראַפט אין איינער פון אונזערע שענסטע און ליבסטע אינסטיטוציעס, איז אריינגעטראָטען אַ שטילע, רוהיגע צייט ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ פּלאַץ, וואו פריינט זיינען געקומען געזונט ווערען פון דער ווייסער פּלאָג. די וואָס האָבען לעצטענס באַזוכט דעם סאַניטאַריום האָבען שוין ניט געפונען דעם מינדעסטען שפּור פון „יענע טעג". די גאַנצע אַטמאָספערע איז געענדערט. מיסטרויען האָט אָפּגעטראָטען דעם פּלאַץ פאַר פאָל־קאָמען צוטרויען. אַ גרויסען ביטראַג האָט דערצו אויך געגעבען דר. י. ב. פיש, דער סופּעראינטענדענט פון סאַניטאַריום. מיט זיין טאַקטישער און פאָטערליכער באַציהונג צו די פּאַציענטען און מיט זיינע נייע מעטאָדען פון אומגאַנג מיט דענערווירטע און קראַנקע מענשען האָט ער זעהר פיעל געהאָלפען די סאַני־טאַריום־קאָמיטעס, די פון 1919 און די איצטיגע, צו שאַפען די יעצטיגע נאָרמאַלע אַטמאָספערע. צו אונזער טיעפען באַ־דויערען מוז אונז יעצט דר. פיש; צוליב זיין געזונטצושטאַנד פאַרלאָזען. עס זיינען אָבער פאַראַן גוטע גרינדע צו גלויבען, אַז דער נייער סופּעראינטענדענט, דר. אַנטאָנאָווסקי, וואָס קומט אויף זיין פּלאַץ וועט פאָרטזעצען די גוטע אַרבייט פון דר. פיש. איבערהויפּט זאָרגט זיך די סאַניטאַריום־קאָמיטע צו האַל־

טען די פאציענטען אין א גוטער שטימונג. די קאנצערטען וואס זי האט אין די לעצטע מאנאטען ארראנזשירט פאר די פאציענטען האבען פיעל דאצו ביגעטראגען. דער לעצטער קאנצערט, אבער, וואס איז פארגעקומען דעם 20־טען יוני האט איבערגעשטיגען און ווייט פארטונקעלט אלע פריהערדיגע. עס איז געווען א יום־טוב, נישט נאר פאר די פאציענטען, אפילו נישט נאר פאר די איינוואוינער אין ליבערטי נאר אויך פאר טויזענטער און טויזענטער פון מיילען ארום. ווי מ'ניט איבער איז דער עצם שטראם פון די טויזנטער פון אלע בערג־ישובים ארום געווען איינע פון די שענסטע פאנאראמעס וואס עס קומט אמאל אויס צו זעהן אין גרויסע פארזאמעלטע מאסען.

אייגער, א גוט־באקאנטער טוער אין א. ר., האט זיך אויסגעדריקט, אז דאס גראנדיעזע בילד פון אזוי פיעל טויזענטער מענשען, מענער, פרויען און קינדער אראפגיידענדיג פון די בערג האט אין אים ארויסגערופען דאס בילד פון דעם פארצייטיגען „עולה־רגל" זיין קיין ירושלים פון אלע בערג און טאלען פון יהודה. די לאנגע קייטען פון צעהנדליגע אויטאמאבילס האבען אבער צוגעגעבען צום בילד א מאדערנעם כאראקטער פון א פיעל־פארביגען קארניוואל.

דער קאנצערט אליין האט פול בארעכטיגט דעם גרויסען געדרענג פון מענשען צו זיין אנוועזענד ביי דער אונטערנעמונג. רבי יאסעלע ראזענבלאט, איינער פון די בארימטסטע קאנצערט־חזנים פון אונזער צייט, האט זיך אליין איבערטראפען. עפעס האט ער דא דערפיהלט די געלעגענהייט ארויינצוזינגען אין אזוי פיל אפענע און אנגעשטרענגטע מענשען־הערצער. דערצו נאך האט אויף אלע קאנצערטיסטען אויך געווירקט די ארומיגע פראכטפולע לאנדשאפט פארטרונקען מיט זון־גאלד און שמעקעדיגע גרינסען. דער עכא פון די שטורם־אפלאדיסמענטען האט זיך אוועקגעקייקעלט איבער דער ווייטער בערגיגער געגענד ארום און אלע און אלץ האבען געוואוסט, אז דאס גיט דער ארבייטער־רינג א קאנצערט מיט די בעסטע קרעפטען וואס מ'קען נאר קריגען פאר זיינע פאציענטען, פאר זיינע קינדער.

דער טויזענטקעפיגער עולם האט אויך התפעלות'דיג אויפגענומען די איבעריגע אויסגעצייכענטע קרעפטען. לעאן בלאנק אזוי גוט ווי חזן ס. מאלאווסקי, י. אדלער (קאוונער) אזוי גוט ווי דעם ארטיסט גראהל. יערערער פון זיי האט געגעבען זיין בייטראג מיט אזוי פיעל ליעבע און גינציגקייט ווי מ'קען נאר האבען פאר אזא אינסטיטוציע ווי דער א. ר. סאניטאריום איז.

אין אלגעמיין האט די אונטערנעמונג נישט נאר געטראגען דעם כאראקטער פון אן אנגענעמער פארוויילונג פאר די פאציענטען אליין, נאר איז אויך פארוואנדעלט געווארען אין איינע פון די מערקווירדיגסטע דעמאנסטראציעס פאר'ן א. ר. און פאר זיין סאניטאריום אינסטיטוציע.

* * *

דעבס' אייניקלאך.     דער נאמען פון דעם קינדער־קלוב אין דער 1טער ראון־טאונער א. ר. שולע פון ניו יארק איז „דעבס־אייניקלאך". דער נאמען אנטשפרעכט ניט נאר דעם גייסט פון דעם קלוב, נאר אויף דעם גייסט פון דער צ י י ט. ארום דעם נאמען פון דעם הייליגען קעמפער וועבט זיך יעצט אויס א ריזיגע פרייהייטס באוועגונג. אין ד ע ם נאמען ווערט פארקערפערט דער סאציאליסטישער אידעאל אין זיין ליכטיגסטען געשטאלט. ד ע ר מ א נ ע נ ד י ג נאך דעם נאמען געהט איבער א הייליגער־ציטער איבער אלע אברים און די ארימסטע און בלוטלאזסטע נשמה גיט א פאך מיט איהרע פליגלען.

אין אלגעמיין גלויבען מיר נישט אין קיין העלדען און נאך וויניגער האבען מיר אמונה, אז ז י י קענען ברענגען די גאולה פון דער מענשהייט. דער א י י נ צ י ג ע ר, מעג ער זיין דער שטאדקסטער, דער העלדישסטער און דער הייליגסטער איז נאר, ווי א שפענדעלע, וואס וויגט זיך אין דעם שוים פון די ים־כוואליעס. מיר וואלטען קיינמאל נישט געוועזן דערפאר, אז דער נאמען פון א פערזאן זאל צ ו ד ע ק ע ן די אידעע, זאל איהר פארטונקלען, פארטושען.

עס זיינען אבער פאראן אזעלכע איינציגע פערזאנען, וו[…]
נישט נאר פארטונקלען זיי נישט מיט זייער נאמען די אידע[…]
נאר פארקערט: זיי מאכען איהר נאך קלערער און העלער א[…]
שטראלענדיגער. נישט נאר פארדעקען זיי נישט די אידעע, נ[…]
רייסען נאך אויף אין איהר נאך א פענסטער.

דאס איז יעצט דער פאל מיט ד ע ב ס'עס נאמען. […]
פירמע גאראנטירט שוין פאר א הונדערט פראצענטיגען, או[…]
געפעלשטען פראדוקט, פאר עכטקייט, זיכערקייט און אמת'ד[…]
קייט. צווישען די פארשידענע „סאציאליסטישע באוועגונגע[…]
וואס אפעלירען יעצט צוםברייטען עולם איז פאראן נישט […]
נינ צוויפלהאפטעס (נישט וועלענדיג געברויכען דאס וו[…]
פארדעכטיגעס) און עס איז נויטיג א גאראנטי, צו פארזיכער[…]
זיך פון טרויעריגע רעזולטאטען.

מיר זייגען דאריבער אין ד ע ם נאציאנאלען קאמפ[…]
פאר דער פארטיי פון ד ע ב ס, פאר דער ס א צ י א ל י[…]
ט י ש ע ר פ א ר ט י י פ ו ן א מ ע ר י ק א. אונזע[…]
ברענטשעס, וואס רעכענען זיך צום גרעסטען טייל פאר דער[…]
קינדער וועלען געוויס נעמען א טיכטיגען און אנפירענדען […]
טייל אין די פארשידענע דעבס־ליעגס, וואס האלטען זיך ש[…]
אין גרינדען אין אלע ווינקעלאך פון לאנד.

און אונזערע „דעבס־אייניקלאך", (וואו זיי זאלען נישט זי[…]
אין ניו יארק, פילאדעלפיא, שיקאגא אדער ערגעץ אנדערש־וו[…]
וועלען מיר ווינשען (אויב עס קומט איבערהויפט עפעס אר[…]
פון וואונשען), אז זיי זאלען אויסוואקסען און ווערט זיין ד[…]
שעהנעם, קריסטאל־קלארען נאמען, וואס זיי האבען זיך אל[…]
געגעבען.

* * *

דער א. ר. יום טוב     פאר א צענדליג יאהר האבען די א[…]
אין שיקאגא     מיטגלידער אין דער גרויסער פראלעטא[…]
שער שיקאגא געהאפט און געווארט א[…]
אן אייגענער א. ר. היים, אויף א לייבאר־ליסעאום. פאר ד[…]
צוועק האט מען א היבשע עטליכע יאהר געארבייט. צייט[…]
ווייז האט זיך אויסגערוכט, אז דאס איז א מעשה אהן אן […]
אז עס וועט נאך דויערען און דויערען ביז מ'וועט זיך ע[…]
דערשלאגען צו א שטיקעל אנשטענדיגען פלאץ, וואס זאל וו[…]
זיין צו טראגען דעם נאמען. עס קומט אבער צו אלץ א צי[…]
די א. ר. ברענטשעס אין שיקאגא זיינען שוין יעצט די בע[…]
בתים פון א שעהנער און ריזיגער געביידע, באקאנט אונט[…]
נאמען: „דאוגלאס פארק אוידיטאריום", אין מיטען פון […]
גרויסען אידישען פראלעטארישען צענטער.

די עפענונג פון דער שיקאגא'ער א. ר. היים איז געפייע[…]
געווארען מיט א ריזיגען דעמאנסטראציאנס־פאראד, אינספירי[…]
פון הילכיגע מוזיק־ארקעסטרען. א רייהע קאנצערטען זיי[…]
געגעבען געווארען לכבוד דעם אין פארלויף פון דער גאנצער וו[…]
פון דעם 19טען ביז'ן 26טען יוני. די גאנצע ארבייטענדע[…]
דישע שיקאגא האט זיך מיטגעפרעהט מיט דער גרויסער שמ[…]
פון א. ר. די פייערונג איז געווארען פארענדיגט אויפ'ן 8[…]
טאג דורך א גראנדיעזען באנקעט, וואס וועט לאנג, לאנג בל[…]
בען אין זכרון פון אלע די, וואס האבען איהם בייגעוואוינט.

האט שוין, הייסט עס, דער א. ר. אין שיקאגא אויך א מק[…]
מנוחה. פיטסבורג, דעטראיט און קליוולאנד, ווי א רייהע […]
דערע שטעט האבען שוין פון לאנג אייגענע היימען. פילאד[…]
פיא קלייבט א האלבען מיליאן דאלאר פאר דעם צוועק. […]
איין אומגליקליכע ניו יארק, וואס האט איבער דרייסיג טויז[…]
מיטגלידער פון א. ר. איז זיך נאך מישב צו לוינט נאר איינגאנ[…]
צו האבען אן אייגענע היים.

וועט עס טאקע אויף לאנג נאך בלייבען א פאראראקס?

* * *

דער א. ר. האט געטראגען נאך צווי טשארטערס פון צ[…]
סטייטס: קענזאס און נארט־דאקאטא. איינע איז צו ד[…]
סאוט און איינע איז צו דער נארט. דאס הארץ הייבט […]
קלאפען שטורמיש: ווען, ווען וועלען מיר שוין האבען די ג[…]
בשורה פון האבען פולע 48 שטערען אין אונזער העלער פאן?

הלל ראָגאָף:

לע פּאַרטייען האָבען שוין נאָמינירט זייערע קאַנדידאַטען,
יבען זייערע פּלאַטפאָרמעס, און דער קאַמפּיין פאַנגט זיך אָן.
יבעראַלע עלעמענטען אין לאַנד, וועלכע האָבען געהאָפט, אַז
ועדער איינע אָדער די אַנדערע פון די צוויי גרויסע פּאַר־
ן וועט זיך אַרויסציינען עטוואָס גינסטיג צו זיי, זיינען
קליך ענטוישט. זיי פיהלען איצטער אומגעפעהר אַזוי
יי האָבען געפיהלט נאָכדעם ווי ווילסאָן איז צוריקגעקומען
פּאַריז מיט דעם פרידענס־אָפּמאַך. אויף ווילסאָנען האָבען
אויך דאַמאַלסט גרויס האָפנונג געלייגט. זיי זיינען געווען
ווי זיכער, אַז זיין אָנוועזענהייט אין פּאַריז וועט אַפּוועג־
מאַכט פון די אַלטע דיפּלאָמאַטען, און אַז עס וועט זיך אָנ־
ען אַ נייע עפּאָכע אין דער וועלט פּאָליטיק. ווילסאָן איז
צוריקגעקומען מיט אַן אָפּמאַך, וועלכער האָט איבערגע־
ן אַלעס ביים אַלטען, און וועלכער האָט נאָך געשטאַרקט די
פון די אַלטע שטאַטסלייט און פון די אַלטע דיפּלאָמאַטי
רען. און דאָס זעלבע האָט פּאַסירט מיט די נאַציאָנאַלע
עשאָנס דאָ אין לאַנד. פריהער האָבען די ליבעראַלען גע־
ט און געהאָפט, אַז דער זאָגענאַנטער פּראָגרעסיווער פליגעל
דער רעפּובליקאַנישער פּאַרטיי, מיט דזשאָהנסאָנ'ען אויף
שפּיץ, וועט אַרויסקומען זיעגרייך אין שיקאַגאָ. און ווען
יינען ענטוישט געוואָרען, האָבען זיי זיך אָנגעכאַפּט אָן דער
פראַנציסקאָ'ער קאָנווענשאָן און געלייגט זייער האָפנונג
איהר. אָבער דאָרטען האָט פאַר זיי דער שיקזאַל ניט אָנ־
יט קיין בעסערען מאָהלצייט ווי אין שיקאַגאָ, און זיי זיי־
צום צווייטען מאָל ענטוישט געוואָרען. די רעפּובליקאַנישע
בלייבט אין די הענט פון די לאַרזשעס און די פּענראָזעס.
ייבט ביי דער פּאָליטיק וואָס איהר מאַיאָריטעט אין קאָנ־
האָט אָנגעפיהרט דעם לעצטען יאָהר — די פּאָליטיק צו
ן וואַל סטריט און צו שטעהן מיט'ן רוקען צו די גרויסע
ן אַרבייטער אין לאַנד. און די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי
ט אונטער דער פיהרערשאַפט פון דעם ווילסאָנ'ען פון די
ע פאַר יאָהר — דער ווילסאָן וועלכער האָט פאַרוואָרפען
אַרגעסען אַלע זיינע ליבעראַלע געדאַנקען מיט וועלכע ער
אַזוי פאַר'כשופ'ט די גרויסע מאַסען אין לאַנד בשעת ער איז
געטראָטען מיט זיין „נייע פרייהייט" אין 1912. די דע־
אַטישע פּאַרטיי בלייבט טריי צו דעם גייסט פון דעם וויל־
ן, וועלכער האָט אַפּאָינטעט פּאַלמער'ן אַלס זיין אַטאָרני־
עראַל, און איהם געגעבען די גאַנצע פרייהייט און די פולע
צו אָרגאַניזירען אין לאַנד אַ טעראָר פון רעאַקציע; דער
אָן, וועלכער האָט גלייכגילטיג אָנגעקוקט ווי די עלעמענ־
פרייהייטען און רעכטע פון בירגער ווערען אָוועקגעריבט,
ער האָט ערלויבט אַז סטרייקערס זאָלען געטריבען ווערען
אין די פּעקסאַרים דורך אינדזשאַנקשאָנס פון זיין דזשאַס־
דעפּאַרטמענט. צו דיזען ווילסאָנען בלייבט די דעמאָקראַטי־
פּאַרטיי טריי, און פאַרפליכטעט זיך צו געהן ווייטער אין די
טריט, און פיהרען דאָס לאַנד אונטער די וואָלקענס פון
אַליסטישען דעספּאָטיזם.

וויי זיינען אַלע ענטוישט: עס זיינען ענטוישט די אַרבייט־
פיהרער פון גאָמפּערס' חדר; עס זיינען ענטוישט די לי־
ען, די חסידים פון דעם אַמאָליגען ווילסאָן; עס זיינען
שט די פּראָגרעסיסטען, די אָנהענגער פון דעם אַמאָליגען
לט; עס זיינען ענטוישט די אַלע וואָס האָבען געכאַפּט
דעם מינדעסטען בליק אויף דעם נייעם גייסט וואָס טראָגט
יבער אייראָפּאַ, פון דער נייער רעוואָלוציאָנערער רוסלאַנד.

און עס פרעגט זיך, וואָס וועלען דיזע אַנטוישטע איצטער
ווי וועלען זיי האַנדלען? און פאַר די אַרבייטער מאַסען
אָס אינטערעסאַנטסטע זיך צוצוקוקען ווי אַזוי וועט האַנד־
אָמפּערס, דער פּרעזידענט פון דער אַמעריקאַן פעדערייש
יבאָר.

ען גאָמפּערס, מיט זיין אַדיוטאַנט פריי, איז געפאָהרען
אַן פראַנציסקאָ פאַרלייגען דעם פּראָגראַם פון זיין פעדע־
ן און פאָדערען, אַז די פּראָגראַם זאָל אַריינגעשטעלט ווע־
ין דער פּלאַטפאָרמע פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי,

# גאָמפּערס' פאַרלעגנהייט

האָט ער געסטראַשעט, דאָס אויב מען וועט איהם ניט נאָכגעבען, וועלען די אַרבייטער מאַסען אין לאַנד מוזען זיך אָפּטיילען פון ביידע גרויסע פּאַרטייען און זוכען אַ נייע פּאַרטיי. און רעדענדיג וועגען דיזע מעגליכקייטען, האָט פריי געזאָגט אַז עס קען זיין, דאָס די אַרבייטער וועלען קיין אַנדער ברירה ניט האָבען, ווי צו שטימען פאַר דעם סאָציאַליסטישען טיקעט. אַן אייגענע פּאַרטיי, אַ לייבאָר פּאַרטיי, האַלט גאָמפּערס, איז טריף. אָרגאַניזירטע אַרבייטער טאָרען ניט אַריינגעהן אין פּאָליטיק, זאָגט ער. זיי מוזען בלויז שטיצען יענע פּאַרטיי, וועלכע שטעהט אַם נעהענטסטען צו זיי, וועלכע איז גרייט און וויליג דורכצופיהרען די פאָדערונגען פון אָרגאַניזירטע אַרבייט. די צוויי גרויסע פּאַרטייען האָבען זיך ענטזאָגט דאָס צו טאָן. די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט אָנגענומען אַ פּראָגראַם, וועלכער געהט נאָך פיעל ווייטער ווי גאָמפּערס האָט געפאָדערט ביי די גרויסע פּאַרטייען. וועט ער איצטער דאָס אָפען ערקלערען, אַז עס איז די פליכט פון די אָרגאַניזירטע אַרבייטער אין אַמעריקא צו שטיצען דעבס'ן אַלס פּרעזידענט, און די סאָציאַליסטישע פּלאַטפאָרמע אַלס זייער פּלאַטפאָרמע?

און דאָ האַנדעלט זיך ניט בלויז וועגען אַלגעמיינעם ראַדיקאַליזם, אָדער אַלגעמיינעם פּראָגרעסיזם. פאַר גאָמפּערס'ן און פאַר דער גאַנצער אָרגאַניזירטער אַרבייטער מאַסע אין לאַנד איז דאָ אַ פראַגע פון לעבען און טויט. פון אַן ענגען אַרבייטער שטאַנדפּונקט, פון אַן ענגען טרייד יוניאָן שטאַנדפּונקט, מוז גאָמפּערס איצטער אויפהויבען זיין שטימע, און אויפפאָדערען די אַרבייטער מאַסען אַריינצוּוואַרפען זיך אין דעם היי־יאָהריגען פּאָליטישען קאַמף און העלפען אַרויסרייסען די רעגירונג פון די הענט פון די צוויי קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען, און איהר איבערגעבען אין די הענט פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. די צוויי קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען האָבען אַזוי גוט ווי אָפען ערקלערט אין זייערע פּלאַטפאָרמעס אַז זיי וועלען פאַרבאָטען סטרייקס אין די גרויסע אינדוסטריען. גאָמפּערס, אין זיין גאַנצע אַגיטאַציע אין די לעצטע מאָנאַטען וועגען דיזער פראַגע, האָט ווידער און ווידער ערקלערט, אַז אויב אַזאַ געזעץ זאָל דורכגעפיהרט ווערען, וועלען די אַרבייטער מוזען אָפען רעוואָלטירען. נאָך זיין מיינונג איז אַזאַ געזעץ אַ טויטקלאַפּ צו דער אָרגאַניזירטער אַרבייטערשאַפט, אַ טויט קלאַפּ צו אַלע זייער רעכטע און פרייהייטען. ווי ער האָט עס אויפגעפאַסט, הייסט אַזאַ געזעץ צוריקשלידערען די אַרבייטער אין די זעלבע סאָרט שקלאַפעריי אין וועלכע די ניגערס אין לאַנד האָבען זיך געפונען פאַר'ן בירגער קריעג. און אויב עס איז אַזוי ערנסט, ווי וועט ער קענען גלייכגילטיג בלייבען אין דעם איצטיגען קאַמפּיין און ערלויבען אַז אַרבייטער זאָלען שטימען פאַר די פּלאַטפאָרמעס וועלכע הייסען איביגע שקלאַפעריי פאַר זיי און זייערע פאַמיליעס?

גאָמפּערס טראָגט אַן אַלטע טיעף־איינגעוואָרצעלטע שנאה צו סאָציאַליסטען און צו סאָציאַליזם. די שנאה איז מעהר אַ פּערזענליכע ווי אַ פּרינציפּיעלע. ער איז, פאַרקערט, אַן אַלטער פריינד פון דער דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציאָן, און די פריינדשאַפט דאָרטען איז אויך מעהר אַ פּערזענליכע ווי אַ פּרינציפּיעלע. דער נסיון וועלכען גאָמפּערס וועט איצט מוזען ביישטעהן באַשטעהט אין דעם, צי איהם וועט געלינגען אונטערדריקען זיינע פּערזענליכע פריינדשאַפטען און פיינדשאַפטען צוליעב אַ הויכען מאָראַלען פּרינציפּ; צי ער וועט זיך ערהויבען איבער די פאָראורטיילע וואָס ער האָט זיין גאַנצען לעבען געהאַט געגען די סאָציאַליסטען, און זיי רייכען די הענט אין דעם איצטיגען קריטישען מאָמענט, וועלכער, ער אַליין זאָגט, שטעהט פאַר די מיליאָנען אַרבייטער, וועמעס פיהרער ער איז.

פון דער רעדאַקציע: ווען דער אַרטיקעל איז געשריבען געוואָרען האָט מען נאָך געקענט ערוואַרטען, אַז דער „גרענד אָלד מען" וועט זיך נאָך פילייכט אַרויסווייזען צו זיין מעהר „גרענד" ווי „אָלד". לייידער איז די ערוואַרטונג ניט מקוים געוואָרען. ווי עס ווערט יעצט קלאָר האָט גאָמפּערס זיך איינגעשפּאַנט אין קאָקס'ס וואָגען און זיך גוי פריהער צוגעבונדען צו דעם עק פון דעמאָקראַטישען אייזעל.

א. ליטווין:

# אונזער קולטורעלע רעוואלוציע

אין מיינע ארטיקלען אין „פריינד“ איז מיר שוין ניט איין מאל אויסגעקומען אנצואווייזען, אז דאס ווארט „קולטור“ ווערט ביי אונז זעהר אפט געברויכט אין א שמאלען באגריף, אין דעם זין בלויז פון גייסטיגער שאפונג.

רעדענדיג איצט וועגען דער נויטווענדיגקייט פון א קולטורעלער רעוואלוציע אין אידישען לעבען — און דאס הייסט צומערסט אין חעם לעבען פון די אידישע מאסען, וואס זיינען די גרויסע מעהרהייט פונ'ם פאלק — נעמין איך דאריבער פאר נויטיג נעננוי צו באשטימען דעם באגריף פון קולטור פאר די, וואס אט דער באגריף איז פאר זיי ניט קלאר.

די קולטור פון א פאלק הייסט די אלגעמיינע סומע פון זיינע שאפענדע פעהיגקייטען און נעשאפענע ווערטען. אלע מינים פון א פאלקס פראדוקציאן אויף אלע געביטען פון לעבען — דאס איז זיין קולטור. סיי דאס, וואס איז געשאפען געווארען אויף דעם עקאנאמישען געביט, סיי די פארמען פון סאציאלען, פאליטישען און נאציאנאלען לעבען; סיי רעליגיעזע באגריפען און עטישע (זיטליכע) פרינציפען, געוואוינהייטען, מנהגים, — דאס אלעס וואס דער מענש האט, אין קאמף פאר'ן לעבען, מיט זיך אליין, מיט אנדערע און מיט דער נאטור ערווארבען; אלע געווינסען וואס ער האט באקומען צו מאכען זיין לעבען שענער, באקוועמער, פארביגער און אינטערעסאנטער — דאס אלעס איז קולטור. אין אלגעמיין ווערט אבער די קולטור פון א פאלק איינגעטיילט אין צוויי גרויסע געביטען: מאטעריעלע קולטור און גייסטיגע קולטור, אדער שאפונג. אז מיר טראכטען זיך אריין טיפער אין דעם ענין, איז אונז ניט שווער צו פארשטעהן אז קיין גייסטיגע קולטור אליין פאר זיך, אלס געגענזאץ פון דער מאטעריעלער, עקזיסטירט ניט. די גייסטיגע קולטור איז בלויז אן אפשפיגלונג פון דער מאטעריעלער. זי הדיקט מיט זיך אויס צומערסט די פארמען אין וועלכע די מאטעריעלע קולטור ווערט אנטוויקעלט און פארפאלקאמט. זי איז אזוי צו זאגען, דער פורעם פון מאטעריעלער שאפונג.

נאך אט דער ערקלערונג איז אונז לייכט צו פארשטעהן, אז א פאליטישע, א סאציאלע אדער אן עקאנאמישע רעוואלוציע זיינען, צו דערזעלבער צייט, אויך א קולטורעלע רעוואלוציע, ווייל זיי ענדערען די פארמען פון דעם מענשענס שאפען און פון די מענשליכע באציהונגען, וועלכע חריקען אויס ניט קיין אנדער זאך, ווי אן ענדערונג אין דער פארטיילונג פון דער פראדוקציאן.

און דאך קאן מען רייהדען וועגען קולטור ספעציעל. און ווען מיר ריידען באזונדער וועגען קולטור ווערט זי דערמאלט פארשטאנען אין א שמאלערען זין, אין דעם זין פון גייסטיגער קולטור. ווארום כאטש גייסטיגע קולטור, ווי איך האב פריהער געזאגט, איז בלויז דער פורעם, אין וועלכען עס גיסט זיך אויס דאס מאטעריעלע שאפען פון מענשען, האט אבער א היבשער טייל דערפון מיט דער צייט אליין באקומען א ווערט, אלס גייסטיגע פראדוקציאן. לאמיר נעמען צום ביישפיעל: זינגען, שפילען, רייהדען, שרייבען, מאלען, פארשטעלען און אנדערע קונסטען און פעהיגקייטען. זיי אלע האבען אלס זייער אינהאלט מאטעריעלע שאפונג אדער פארטייטונג פון מאטעריעלע ווערטען. זיי זיינען אבער אפט אליין פאר זיך ווערטען, אליין פאר זיך א ציל. אלס פורעמס, אין וועלכע עס גיסט זיך אויס דאס מאטעריעלע שאפען פון מענשען, האט אבער די גייסטיגע קולטור א באזונדער באדייטונג אין רעוואלוציאנערע מאמענטען. די גייסטיגע קולטור חריקט זיך געוועהנליך אויס אין צוויי פארמען: אין דעם עצם שאפען מאטעריעלע ווערטען און אין דער גערעכטער פארטיילונג פון אט די ווערטען צווישען מענשען. צווישען דער פראדוקציאן אליין און איהר פארטיילונג קומט פאר אן אייביגער קאנפליקט אין דער מענשליכער געזעלשאפט. אט דער קאנפליקט האט שוין מיט טויזענדער יאהרען צוריק אויסר געארבייט באשטימטע פארמען פון א גערעכטער פארטיילונג פון דעם מענשענס שאפונג צווישען מענשען, געבויט אויף דעם פונדאמענטאלען פרינציפ, אז וואס א גרעסערע צאהל מענשען זאל קאנען געניסען די ווערטען פון מענשליכער שאפונג; אז דער מענש זאל זיין פריי צו שאפען און זאל קאנען געניסען די פרוכט פון זיין ארבייט. ווען מיר נעמען אראפ דעם מיסטישען

נעבעל פון אלע אלטע רעליגיאנען זעהען מיר, אז אין תוך
ביי זיי אלע דערזעלבער אידעאל, שטרעבען זיי אלע אויס
ארבייטען דיזעלבע עטישע געזעצען פון סאציאלער גערעכ
קייט. אין אט דער הינזיכט האבען די מאדערנע טעאריעס
סאציאליזם, קאמוניזם און אנארכיזם גאר ניט אופגעטאן
נייעס, זייערע גרונד־פרינציפען ליגען שוין גאנץ דייטליך א
מערקט אין די קולטורען פון די אלטע פעלקער. שטארק
פארשטענדליכער און קלארער פאר אונז זיינען די דאזיגע
ציפען, אדער געזעצען אויסגעדריקט אין דער אידישער קול
אין תורת משה. די מאדערנע ציוויליזאציע האט פון
זייט פארשארפט דעם קאנפליקט צווישען דער פראדוקציאן
איהר פארטיילונג; פון דער אנדער זייט האט זי לייכטער
מאכט דעם קאמף צו באזייטיגען אט דעם קאנפליקט. מיר
לען דאס ערקלערען דייטליכער. די נייע מאשינעריע און
קוועמערע קאמוניקאציאנס־מיטלען האבען פשוט פארצענפ
און אפט אפילו פארהונדערט און פארטויזענדפאכט די קר
פון מענשליכער פראדוקציאן. דאס הייסט זי האט געגעבע
מעגליכקייט מיט דערזעלבער אנשטרענגונג אין א משך
דערזעלבער צייט אויסצוארבייטען צעהן, הונדערט און
אפילו טויזענד און מעהר מאל ווערטען, ווי פריהער. אזוי
דעם מענשענס גייסטיגע אנטוויקלונג פראגרעסירט ניט
דערזעלבער מאס, ווי זיין מאטעריעלע קולטור, נאר קומט
לאנגזאמער, באנוצען זיך מיט די נייע ענטדעקונגען און ער
רונגען בלויז א קליינער הייפעל מענשען, וואס שטעהען
זייער גייסטיגער ענטוויקלונג העכער פאר די ברייטע מ
און נוצען אויס די ערוואָרבענע רייכטימער און באקוועמ
קייטען פאר זיך. נאך מעהר: ווערענדיג דורך דעם שטאר
און בעסער ארגאניזירט, האבען זיי א גרעסערע מעגליכקייט
פארשקאפען די מאסען, ווערען די קאנפליקטען צווישען פ
דוקציאן און איהר פארטיילונג בולט'ער און שטארקער. אבער
כל סוף געווינען אויך די מאסען. דורך דעם, וואס די מאדר
פראדוקציאן קליבט צונויף טויזענדער מענשען אויף איין פ
מאכט זי לייכטער זייער צונויפריידען זיך, קאנען בעסער ווי
אויף זיי די אידעאליסטען און אגיטאטארען, וואס זיינען
ישעיה'ן ביז לענינען, שטענדיג געווען אין דער מענשליכער
זעלשאפט, באוויזענדיג זיך אין פארשידענע געשטאלטען,
פאסען זיך יעדעס מאל צו דער צייט. די בעסערע קאמו
ציאנס־מיטלען מיט דער הילף פון דרוק, טעלעגראף און ט
פאן גיט א מעגליכקייט, צוזאמען מיט דער פארשפרייטונג
האסטיגער ענטוויקלונג פון דער מאטעריעלער קולטור, און
פארשפרייטונג און האסטיגער ענטוויקלונג פון גייסטיגער
טור. ניט נאר זעלטען יאגט די גייסטיגע קולטור אריבער
מאטעריעלע. דעם ביישפיעל זעהן מיר אין רוסלאנד. רוסי
איז אינדוסטריעל, ווי אלעמען איז באוואוסט, א סך הינט
שטעליג קעגען אייראפא. דאך האט רוסלאנד אויף צו להכ
אלע מארקסיסטישע טעאריעס, באוויזען צו מאכען די סאצי
רעוואלוציע פריהער פון דייטשלאנד, ענגלאנד און אמעריקא
כאמע אינדוסטריעלע מלוכות אין דער וועלט. דאס איז נ
מען דערפון, וואס א סך זעהר פעהיגע רוסישע רעוואלוציאנע
האבען יאהרענלאנג פארלעבט אין אייראפא אלס פאליט
עמיגראנטען. זיי האבען, אלס וויטיגע מענשען, אידעאליס
געהאט די מעגליכקייט בעסער באקאנט צו ווערען מיט
גייסטיגער קולטור פון די סאמע אינדוסטריעלע לענדער, ווי
אינטעליגענטען פון די לענדער גופא. פון דער זייט האבע
געהאט די מעגליכקייט גענוי צו שטודירען די קאנפליי
צווישען דער גייסטיגער און מאטעריעלער קולטור אין די
ווילאיזירטעסטע לענדער אויף ביידע זייטען ים. זיי הא
פארשטאנען צו קריטיקירען אלע דונקעלע זייטען פון
אייראפעאישער ציוויליזאציע. זיי האבען מיט דער הילף
די בעסטע אייראפעאישע בילדונגס־מיטלען אויסגעארבייט
זיך א העכערע גייסטיגע קולטור. דאס הייסט: זיי הא
באקומען פאלקאמענערע פורעמס פון מאטעריעלען שאפען,
זאהען ניט שטעהן, אדער וועניגסטענס, וואס וועניגער שטעה
ווידערשפרוך מיט דער גערעכטער פארטיילונג פון דער

ציען צווישען מענשען. ביי דער ערשטער מעגליכקייט צו
כאפען די פאליטישע מאכט און קומען אין נאהענטער בא־
זונג מיט די מאסען, האבען זיי זיך געסטארעט צוצופאסען
ווייטערדיגע ענטוויקלונג פון דער מאטעריעלער קולטור אין
ר אייגען לאנד צו די פארטיגע פורעמס, וואס זיי האבען
ראכט מיט זיך פון איירָאפא. דער ערפאלג, וואס די סאָ־
לע רעוואלוציע האט אין רוסלאנד, ווייזט אונז באשיינפער־
, אז דאס איז מעגליך. אמת איז, אז די גייסטיגע קולטור
אן אפשפיגלונג פון דער מאטעריעלער, איז בלויז א פורעם
איהר. אבער עס איז נים נויטיג, אז אט דער פורעם זאל
יעדער לאנד, ביי יעדען פאָלק ארויסוואקסען פון דעם שטאף,
דער פראדוקציאן גופא. עס איז אבסאלוט ניט נויטיג, אז
עס לאנד מוז דורכמאכען אלע יסורים פון „חבוט הקבר", ביז
ומט צו „תחית המתים". די פראקטיס פון איין לאנד, צו
איין פאלק קאן פארשאפען די „חבלי משיח" אנאנדער פאלק
אן אנדער לאנד. די העכערע גייסטיגע קולטור, וואס מענ־
האבען אויסגעליטען אין לעבענס קאמף אויף איין פלאץ,
דינען אלס פארטיגער פורעם, אריינצוגיסען אין איהר די
עריעלע שאפונג אויף אן אנדער פלאץ. עס קאָנען זיך
ערען פיליכט, לויט די אומשטענדען פון דעם, אדער יענעם
, קליינע ענדערונגען אין דער פארם. אבער זעהר זעלטען
דעם אינהאלט. ווארום די געזעצען פון סאציאלער געזעל־
יים, אין זייערע גרונד־פרינציפען זיינען אייביגע און די
ע אומעטום.

---

די גייסטיגע קולטור קאן אלזא זיין עפעס אליין פאר זיך;
זיין א פורעם נאך וועלכען און אין וועלכען עס זאל פאר־
ן די ווייטערדיגע ענטוויקלונג פון דער מאטעריעלער קול־
. אבער אין יעדען פאל מוז זי ארויסוואקסען פון דער מאַ־
יעלער קולטור, מוז אפשפיגלען אט די קולטור אין א גע־
ער צייט; אויב ניט אומעטום, איז ווייניגסטענס אין גע־
ע ערטער, וואס שטעהען העכער, ווי אנדערע ערטער אין
ר קולטורעלער ענטוויקלונג. די ערָאבערונגען פון דער
טיגער קולטור אין איין ארט קאָנען דינען אלס מיטעל, אלס
מער צו פארמירען נאך זיי די קולטור פון אן אנדער לאנד.
נאר אין דעם פאל ווען אין אט דער לאנד איז פאראן דער
ף פאר א מאטעריעלער קולטור; ווען עס איז פאראן
, וואס לאזט זיך אריינטאן אין א פורעם.
ווי איז אבער, אז אט דער שטאף, אט דער „עפעס" פעהלט?
איז דא אין זעהר א נישטיגער מאס? דעמאלט דארף
אט דעם שטאף, דעם אינהאלט פון א מאטעריעלער קול־
ערשט איינפירען.
אין אזא לאגע זיינען מיר אידען מיט אונזער קולטור, אדער
ינער, קולטורלאזיגקייט. וועגען דער נויטווענדיגקייט איינ־
הרען ביי אונז א געזונטע מאטעריעלע קולטור, ד. ה. מאַ־
אונזער אייגענע עקאנאמישע רעוואלוציע, האב איך אנגע־
ן אין מיין פאריגען ארטיקעל אין „פריינד". אבער די
ע איז: ווי אזוי פיהרט מען זי איין? און וואס פאר א
ם דארף זי זיך אויסגיסען ביי אונז? זאלען מיר זיך פאר־
ן אויפ'ן „סטיכישען פראצעס" מאכען די רעוואלוציע
רעטאך לאזען די זאכען געהן, ווי זיי געהען? לאזען אויף
אופן אונזער „עקאנאמיק" מיט דעם נאטירליכען גאנג אויס־
ימען סטיכיש איהר פורעם, איהר גייסטיגע קולטור, אזוי
אס איז געווען ביי אנדערע ציוויליזירטע פעלקער?
אויף דעם ענטפערען מיר קאטעגאריש: ניין! אויף קיין
נים! דאס וואלט געהאט אפשר א זין ביי א פאלק, וואס
נאך קיין שום קולטור ניט, אדער א שוואכע פרימיטיווע
ר. מיר זיינען אבער א פאלק מיט א גרויסער קולטורעלער
אנגענהייט, מיט א רייכער היסטאריע און רייכע טראדי־
. צוליעב א גאנצע רייהע היסטארישע און קולטור־היס־
ישע סבות, וואס האבען זיך מיט גורלד אריינגעריסען אין
ר לעבען, איז אונזער נארמאלע ענטוויקלונג איבערגעריי־
געווארען. מיר האבען פארלארען די מעגליכקייט צו שפּי־
ווייטער די פעדים פון אונזער קולטור דירעקט. אבער אלס
לק, וואס לעבט און לעבענדיג מוז עס שאפען, זיינען מיר
ן געצוואונגען פארטצוזעצען ווייטער אונזער קולטור איינ־
פט, אונטער א פרעמדען פאספארט, אונטער א פאלשען
ן, אפט מיט פרעמדע הענט. מיר האבען מורא'דיג דער־
עליטען. אבער מיר האבען קיין מאל ניט אויפגעגעבען
פונג ווען עס איז ארָאפּצווארפען די איפגעצוויגענע מאסקע

און ווערען א פאלק מיט אלע פעלקער גלייך; קומען אין דיר־עקטער באריהרונג מיט'ן לעבען און אלע זיינע וועהטאגען און פריידען. די קולטור, אין וועלכער מיר האבען געלעבט די גאנצע צוויי טויזענד יאהר איז געווען א קולטור אויף דערוויל; א מין סורראגאט, א במקום־קולטור, וואס אונזער געזונטער אינ־סטינקט האט אויסגעארבייט אין די קראנקע באדינגונגען פון אונזער לעבען. מיר האבען זיך ארומגעשלעפט מיט די אלטע בלעטער פון אונזער פאר צוויי טויזענד־יעהריגער קולטור, כדי די שעדליכע ווינטען פון דעם אומגעזונטען לעבען, וואס מיר האבען געמוזט פיהרען צווייט און צושפרייט צווישען פינסטערע, פיינדליכע פעלקער, זאלען אויף אונז קיין שליטה נים האבען. אין די דאזיגע אלטע פארהארטע בלעטער, זיינען מיר אליין פארטריקענט געווארען. אבער א וואונדערליכע קראפט האבען זיי באזעסען: זיי האבען אונזער גייסט געראטעוועט פון שימל, פון פוילעניש, וואס איז א סך ערגער פון פארטריקענטקייט. ווארום וואס עס איז פארטריקענט דערהאלט נאך אין זיך גע־זונטע קערנער פון לעבען. שימל און פוילענעס אבער איז טויט־ליכע צופאלענקייט, וואס קאן שוין קיין תקון ניט האבען. אז אין אונז זיינען געבליבען געזונטע לעבענסקערנער, וואס זיינען פאל־קאם פעהיג אויף אויפלעבונג איז דייטליך פאר אלעמען פון דער ריזיגער ראלע וואס מיר שפילען אין די שטורעמס פון די מאדערנע רעוואלוציעס, בכלל אויף אלע געביטען פון די מאדער־נע שטרעבונגען אין לעבען פון דער מענשהייט. איך זאג: דייטליך פאר אלעמען און מיין פאר אנדערע. פאר אונז אליין דארפען מיר קיין באווייזען ניט. מיר שפירען אין זיך דעם מעכטיגען פולס פון לעבען אזוי שטארק ווי פיליכט קיין מאל ניט פריהער.

(ענדע אויף זייט 20)

---

נחום י.:

# דער ווארים און די מוראַשקע

(פאבעל)

א דיקער וואָרים, וועלכער האָט
אין סאַד
ניט לאַנג אַן עפּעל דורך און דורך צופרעסען,
איז רוהיג, זאַט
פון אונטען אויף אַ בלאַט
געזעסען.
און זעהענדיג פון ווייטען ווי אַזוי
אַ קליינינקע מוראַשקע טראָגט אין מויל אַ שטרוי, —
האָט ער געזאָגט צו איהר מיט קנאה און מיט שפּאָט:
— „דו נאַרישע באַשעפעניש פון גאָט!
אויף וואָס לעגסט דו אַוועק
אומזיסט די יאָהרען און די טעג?
פאַרגינסט זיך ניט קיין רגע רוה,
און שלעפּסט אַ זאַק דריי מאָל אַזוי גרויס ווי דו
ניט איינמאָל פאַלסט דו אונטער יאָך, —
און איילסט אַוועק און יאָגסט זיך: נאָך און נאָך.
וואָס טויגען דיר די חייזער, די פּאַלאַצען
וואָס דו בויסט אויף אומזיסט־
אומנישט,
דו דאַרפסט דען דיינע אוצרות, דיינע גרויסע שאַצען
פון אַלעמען פאַרבאָרגען,
צי גלאַט, דו ווילסט אויף שפּעטער אויך גאָטס
וועלט באַזאָרגען!" —
— „איך בוי", —
געזאַגט האָט די מוראשקע, שלעפּענדיג די שטרוי, —
„און ס'בלייבט מיר ניט קיין צייט
צו גריבלען זיך און טראַכטען אַזוי ווייט".

# קינדער־ליטעראטור

ש. ניגער:

2.

גאר פון אן אנדער מין איז די זאמלונג „ק י נ ד ע ר ־ ל י ע ד ע ר און ק י נ ד ע ר ־ נ ע ד י כ ט ע ן“, פון ש. י. ל א נ ד י נ ס ק י, אונטער דער רעדאקציע און מיט א פארווארט פון יעקב ד י נ ע ז א ה ן, פארלאג „קינדער־היים“, ווארשע, 1914. די דאזיגע לידער זיינען פון דעם לעהרער און דיכטער לאנדינסקי געשאפען געווארען פאר דער קינדער־היים, וואס איז געגרינדעט געווארען אין ווארשע לויט דער איניציאטיוו פון י. ל. פרץ. ווארשעווער אידישע מוזיקער האבען צוגעפאסט מעלאדיעס צו די לידער, און זיי ווערען איצט געזונגען כמעט אין אלע אידישע קינדער־היימען אין פוילען. די מעלאדיעס זיינען אין בוך נישט אפגעדרוקט, און דאס איז באמת א שאד, ווארום, נישט געקוקט אויף איינינע לאקאלע פויליש־אידישע ווערטער, וואס ניט אלע קינדער וועלען פארשטעהן, קאנען דאך די דאזיגע לידער געזונגען ווערען און דארפען געזונגען ווערען אומעטום, וואו עס זיינען דא אידישע קינדער און עס קלינגט די אידישע שפראך. די טעקסטען פון די לידער, אחוץ א פאר אויסנאמען, זיינען פול מיט לעבען און באוועגונג, מיט קינדער־לעבען און קינדערשער באוועגליכקייט. איינינע לידער זיינען שפיל־ און ארבייטס־לידער. צום ביישפיל, „דער לאנדמאן“:

ווייסט איהר, קינדער, ווי דער לאנדמאן טוט זיין תבואה זייען?<br>
אט אזוי, אט אזוי טוט ער תבואה זייען;<br>
טרא־לא־לא־לא, טרא־לא־לא־לא לאזט ער תבואה זייען!

ווייסט איהר, קינדער, ווי דער לאנדמאן לאזט זיין תבואה וואקסען?<br>
אט אזוי, אט אזוי לאזט ער תבואה וואקסען;<br>
טרא־לא־לא־לא, טרא־לא־לא־לא לאזט ער תבואה וואקסען<br>
א. אז. וו.

אדער:

וויין נישט, וויין נישט, ליאלקעלע,<br>
וויין נישט, טייער קינד!<br>
כ׳שטעה דא ביי א באלקעלע,<br>
כ׳וואש דיר וועש אצינד!

א גרויסען ארט אין די לידער פארנעמט די נאטור: „די פיער צייטען פון יאהר“, „ס׳טייכעל“, „די פישעלעך“, „די קו“, „די ביענעלעך“, „דאס ראבע הינדעל“ א. ד. ג. און די נאטור איז דא ניט קיין צוגעפארבטע, נאר א... נאטירליכע און זי ווערט געלעבט פון די קינדער, נישט „באזונגען“... די קינדער זיינען דא, ווי ביי זיך אין דער היים, און דער, וואס לערנט זיי די לידער, איז צווישען זיי א היימישער — און דאס איז דער עיקר.

קינדיש — און ממילא גוט — זיינען אויך די קורצע לידעלעך פאר קינדער פון דריי ביז זעקס יאהר, וואס עס האט צונויפגעזאמעלט פון פארשיידענע פאעטען און דערהויפט פון אונזער פאלקספאעזיע י. ר א וו י ן אין א ביכעלע מיט׳ן שענעם נאמען „פליטערלעך“ (פארלאג „פאר אונזער קליינוואר“, לאדז, 1917). י. ר א וו י ן האט ארויסגעגעבען נאך א גאנצע סעריע קינדער־ביכלעך אין פערזען. פון זיי וויל איך אבער דערווייל דערמאנען נאר דאס קליינע בילדער־ביכעל, „די קינדער־וועלט“, (לאדז, 1918), ווייל דאס דאזיגע ביכעלע איז באשטימט פאר נאר קליינע קינדער. דער עיקר אין איהם זיינען די סילועטענבילדלעך. די זיינען גענומען, אמת, פון דייטשע קינסטלער און זיינען ניט צוגעפאסט ספעציעל צום אידישען קינד, אבער דער פארפאסער איז גערעכט, ווען ער זאגט אין זיין פארערדע, אז „דאס עכטקינדישע איז אינטערנאציאנאל“. די טעקסטען און גראמען, וואס י. ראווין האט געמאכט צו די בילדלעך, זיינען ניט אלע געראטען, אין איינינע פון זיי פעהלט די לייכטקייט און דער הומאר, וואס דארף זיין אין אזוינע פארטייטשונגס־לידלעך, אבער סוף כל סוף זיינען ניט זיי דאך דער עיקר, נאר די בילדלעך, און די בילד־

לעך זיינען ניט שלעכט, עס איז נאר ניט ריכטיג, וואס ד[…] פארפאסער זאגט אין זיין פאררעדע, אז דאס איז „דער ער[…] טער פרוב“ ארויסצוגעבען אויף אידיש בילדער־ביכלעך פ[…] קינדער: ווי ווייט איך ווייס, זיינען עטליכע אזוינע בילד[…] ביכלעך — אין יאהר 1914 — ארויסגעגעבען געווארען דו[…] דעם פארלאג פון ב. א. קלעצקין. דאס זיינען אידישע בעא[…] ביייטונגען פון וו. ב א ר י ק׳ס באריהמטע „מעשה׳לעך־בי[…] דער“.

אויף די איבעריגע קינדער־ביכלעך פון י. ראווין וועל א[…] זיך אפשטעלען שפעטער. דא וועל איך נאך דערמאנען די לידע[…] זאמלונג „פאר קליינע קינדער“ („קיעווער פארלאג“, 191[…] וועלכע איז אויך, ווי עס ווייזט, באשטימט פאר נאר קליי[…] קינדער און וועלכע האט נאך די מעלה, וואס זי איז אילו[…] טרירט און פארפוצט מיט וויניעטען פון די יונגע אידישע מאל[…] י. טשייקאוו און ב. צוקערמאן. די זאמלונג באשטעהט פ[…] פאלקסלידער און פון לידער, וואס עס האבען פארפאסט י. [...] פרץ, א. רייזען, ש. פרוג, ד. איינהארן, דער נסתר, ל. קוויטק[…] נ. גארעליק, י. דאברושין, י. פיכמאן און מאני לייב. אב[…] דא איז דער קאנטראסט צווישען די פאלקסלידער און […] קונסטלידער שוין ניט אזוי גרויס, ווי אין דער פריהער רע[…] מאנטער זאמלונג פון מ. שאליט. דא האבען אין זיך פי[…] קונסטלידער די פרישקייט און די עכטקייט און די קינדערישקי[…] פון פאלקסשאפונגען. אפילו דאס ליעד „א גוטע נאכט“ פ[…] י. ל. פרץ, וועלכער איז בטבע נישט געווען קיין קינדער־די[…] טער, הויבט זיך אן מיט איינפאכע, קינדישע, מאמעשע ווע[…] טער:

צונערעקט די פיסעלעך...<br>
איך ברענג דיר מארגען ניסעלעך א. אז. וו.

און מ א נ י ל י י ב מישט מיט א כיון צו צו זיי[…] איינענע פערזען — פערזען פון קינדערשע פאלקסלידלעך:

פאר די הענטלעך אין די רינגען<br>
שענע, קליינע קינדער זינגען:<br>
נאט געטרייער, גיב א רעגען<br>
פ א ר (פון ?) ד י ק ל י י נ ע ק י נ ד ע ר ם וו ע ג ע [ן]

אדער:

ווערען פעלדער געל, ווי גאלד,<br>
פול מיט קארן, קארנגאלד,<br>
נ ע מ ע ן פ ו ל ע פ ו ר ע ן פ א ר ע ן,<br>
פ ו ר ע ן פ א ר ע ן פ י ר ע ן ק א ר ע ן<br>
דורך די בערג און דורך די טאלען<br>
אין די מילען דאס צו מאלען.

אנדערע איינטיילנעמער פון דער זאמלונג „פאר קליי[…] קינדער“ ניצען אויך אויס פאר זייערע קינדער־לידער אלים[…] ראציעס, ריטמען און מאטיוועו פון דער קינדערשער פאלק[…] שאפונג און אויף אזא אופן געווינען אויך זייערע לידער [...] פרישקייט און די לעבעדינקייט און די תמימות פון עכטע ק[…] דערשאפונגען. אזוי טוט נ. גארעליק אין זיין ליד: „א רעגע[…] דיל“ (י. דאברושינס ליד מיט דעם זעלביגען נאמען איז צו [...] ליטעראריש), אזוי טוען אויך י. פיכמאן, ל. קוויטקא און ד[…] נסתר.

אבער די לעצטע דריי האבען זייערע קינדער־לידער ארוי[…] געגעבען אין באזונדערע ביכלעך (דורכ׳ן „קיעווער פארלאג[…] וועל איך רעדען וועגען זיי באזונדער.

א באזונדער באטראכטונג פארדינט אויף דאס לידער[…] „אין קינדערלאנד“ פון לאה ק. האפמאן, א בוך, וואס א ט[…] פון איהם קאן פאסען אויך פאר נאר קליינע קינדער.

(ווייטערדיגס קומט.)

# וועגען געניסען די נאַטור

פּאול ראַסקין:

ווען אײנער זאָגט: „איך געניס די נאַטור" דאַרף מען
[...]הב פרעגען וואָס ער מײנט דערמיט צו זאָגען. דאָס איז אַ
[...]ץ קאָמפּליצירטער באַגריף. דרײ מינים געפיהלען באַטײ־
[...]ען זיך אין דעם וואָס מען רופט געניסען די נאַטור. ערש־
[...]ענס, דער רײן־פיזישער. מען איז אַרויס אויף דער רײנער,
[...]ישער, פרײער לופט, עס אָטעמט די ברוסט פול און פרײ,
[...]אָס בלוט צירקולירט בעסער, דאָס האַרץ הויבט אָן אַרבײטען
[...]ים מעהר ענערגיע, עס ווילט זיך אַ לויף טאָן צום נאָהענטען
[...]ערגעל, עס ווילט זיך אַ שפּרונג טאָן איבער אַ שטײנדעל,
[...]דער אַ לויפענד וואַסערל. מען דערפיהלט זיך מיט אַמאָל
[...]יך אַ צעהן יאָהר ײנגער, און דעם דאָזיגען אויפגעמונטערטען
[...]וישען צושטאַנד דריקט מען אויס מיט דעם נאָמען נאַטור־
[...]נוס. דער פיזישער טײל איז אײנער פון די עלעמענטען
[...]ים געניסען די נאַטור, אָבער געוויס ניט דער וויכטיגסטער.
[...]וייטענס קומט דער מאָראַלישער געפיהל. עס איז גאָר קײן
[...]ווייפעל ניטאָ אין דעם, אַז די נאַטור ווירקט אויף אונז, די
[...]שטאָדט־מענשען, מאָראַליש. די נשמה אונזערע ווערט לויטע־
[...]ער, רײנער, רוהיגער. די נאַטור ברײנגט צוריק דעם פאַר־
[...]מעלטען, צוריסענעם, פאַרפלעשטען און פאַר׳מיאוס׳טען, און
[...]גענס־ און אומנאַטור־פאַרפלאָנטערטען שטאָדט־מענש — די
[...]ינפאַכע, נאַאיווע גאַנצקייט און אמת׳דיגקייט, יענעם פאַר־
[...]ערענעם גן־עדן פון וועלכע די ציוויליזאַציע האָט אונז פאַר־
[...]יבען. די אײנפאַכע פעלד־בלימעלע און דאָס שטילע־מורמ־
[...]נדע וואַסערל קוקען אויף אונז ווי מיט אַ שטילען פאָרוואורף
[...] אויף אַ מאָמענט פאַלט אַראָפּ פון אונז דער בײזער כישוף
[...] דעם זינדיגען לעבען. און עס דערשפירט דאָס האַרץ אַן
[...]דער מענליכען צושטאַנד פון העכערען גליק און זעליגקייט.
[...]ר מאָמענט איז אַן ערהאַבענער און מאָראַליש־ערעלער.

אָבער העכער פאַר דיזע צוויי געפיהלען אין געניסען די
[...]טור איז דאָך דער דריטער דער עסטהעטישער. איך מײן
[...]רמיט צו זאָגען די שעהנקייט פון די פאַרבען פון די גרופּען,
[...] דער לאַנדשאַפט, דאָס וואָס קינסטלער רופען די מאַלערישע
[...]ט פון דער נאַטור. איך האָב בכיון געזאָגט „מאַלערישע",
[...]יל זאָנדערבאַר ליעב האָט דער מענש צו פאַרגלייכען, און
[...]ניסען די נאַטור, דאָס וואָס איז עהנליך צו קונסט, און פאַר־
[...]הרט אין דער קונסט — דאָס וואָס איז נאָהענט און עהנליך
[...] דער נאַטור. האָט איהר דען ניט געהערט מענשען אויס־
[...]פען מיט ענטציקונג אויף אַ קינסטליכער בלום, אַז וואונ־
[...]רבאַר ווי עהנליך זי איז צו אַ לעבעדיגער, און אויף אַ לע־
[...]דיגער בלום, אַז וואונדערבאַר ווי רײצענד זי זעהט אויס,
[...]קט ווי אַ געמאַכטע...

אָפט באַגעגענט מען בײ שרײבער אַ פאַרגלײך פון אַ נאַ־
[...]־ווינקעל צו בילדער פון אַ געוויסען מאַלער, אַקוראַט ווי
[...] וואָלט באַשאַפען זיין וועלט קאָפּירענדיג אַ געוויסען מאַלער,
[...] ניט פאַרקעהרט — דער מאַלער האָט קאָפּירט גאָט׳ס וועלט.
[...]ער אַזוי איז שוין אונזער גײסט באַשאַפען... כדי צו פאַר־
[...]עהן אַ זאַך מוזען מיר די זאַך פאַרגלייכען מיט אַ צווייטע,
[...] אויב דאָס העלפט ניט איז דאָ נאָך אַ זיכערער וועג: מען
[...]טיילט אויף טײלען דאָס וואָס איז אין גרונד אונצוטײלבאַר
[...] דאָס צוטײלטע איז שוין לײכטער אַרומצונעהמען מיט׳ן
[...]. אַט ווי די אַלטע רוימער פלעגען טאָן פּאָליטיש: „צר־
[...]ען און הערשען", איז געוועזן זײער מאָטאָ; צושפּאַלט די
[...]קער אויף טײלען, וועסטו זײ לײכטער באַהערשען.

אויף פיער עלעמענטען קען מען צוטײלען די לאַנדשאַפט:
[...] די קופּט, פון וועלכע עס באַשטעהט דער הימעל מיט די
[...]לקענס, די אַטמאָספערע מיט די בלויע און פיאָלעטע ווייט־
[...]טען; 2) דאָס וואַסער, וואָס געשטאַלטעט זיך אין טײכען,
[...]רעס און ימים; 3) די ערד, מיט איהרע בערג, שטײנער,
[...]רען און לעהמען; און 4) די פלאַנצען, ווי מאָך, גראָז, בלו־
[...], בוש און בוימער, גערטנער און וועלדער. עס איז אָבער דאָ
[...] אײן עלעמענט, וואָס צושפּרייט זיך איבער זײ אַלעמען,
[...]ס באַלעבט זײ, וואָס זעצט זײ אַלעמען אין באַוועגונג, וואָס
[...]רט זײ אַלעמען צונויף אין בילדער, אײנענטליך וואָס רופט

זײ אַרויס פון נישט־זײן — אין עקזיסטענץ. דאָס איז דאָס
ליכט, דער מכשף, דער געשטאַלטער פון קונסט. פון ליכט
און לופט איז דער הימעל אויסגעוועבט, און דאָס הימעל איז
דאָס שענסטע אין דער נאַטור. און דאָך באַמערקען מענשען
דעם הימעל אַם ווענינגסטען. אויף דעם הימעל קוקען די מענ־
שען, אַזוי ווי באַזאַראָוו אין טורגעניעוו׳ס ראָמאַן „פאָטער און
קינדער", נאָר דאַן ווען זײ ווילען אַ נים טאָן; אויך דאַן, ווען
זײ דאַרפען באַשטימען צי זײ זאָלען מיטנעמען מיט זיך אַ
רעגענשירם, אָדער נים. ס׳איז אַ גרויס אומרעכט געגען דעם
הימעל, ווייל צוליעב וואָס פּוצט ער זיך אויס מיט זײנע אומ־
ענדליכע גראַדאַציע פון בלוי, לײכטען פיאָלעט, גאָלד, פּורפּור,
געל, אָראַנזש אין די צײטען פון זונען־אויפגאַנג און אונטער־
גאַנג; צוליעב וואָס דען אַראַנזשירט דער הימעל זײן גאַנצען
וואָלקען־פּראַכט, אויב ניט צוליעב אַ ספּעקטאַקעל פאַר דעם
מענשענס אויג? די ערד, מיט אַלעם וואָס זי פאַרמאָגט, האָט אַ
צו גרויסע שייכות צו אונזער פּראַקטישען לעבען. מיר זײנען
פאַראינטערעסירט מיט אונזער פלײש און בלוט אין די זאַכען
פון דער ערד; דער הימעל אָבער איז פרײ פון געלוסטען, קײ־
נער וויל זיך נישט ערווערבען אַ פּאָר שטערען אָדער אַ „לאָט"
אויף אַ וואָלקען... דער הימעל און די שטערען און די וואָלקענס
קענען מיר באַטראַכטען און בלויז פון זײער שעהנער זײט, עס־
טעטיש באַטראַכטען און נישט פּראַקטיש. געניסען די שעהנ־
קייט פון אַ זאַך קען מען בלויז דאַן ווען אין דער נשמה הערשט
אַבסאָלוטע רוה, פרידען און יום־טוב׳דיגקייט. דעם ים וועט
איהר קײן מאָל ניט געניסען ווען איהר האָט מורא פאַר זײנע
כוואַליעס, דעם וואַלד וועט איהר ניט זעהן ווען איהר זײט
באַזאָרגט צי וועט איהר טרעפען דעם וועג אַהיים, און די ווײטע
בלויקייט פון בארג וועט איהר קײן מאָל ניט פיהלען אויב איך
וועט זיך הונגערען. פרײ פון אַלע געדאַנקען און זאָרגען איבער
מאַטעריעלע זאַכען מוזט איהר זײן ווען איהר וועט עסטעטיש די
נאַטור געניסען. אין דעם מאָמענט ווען איהר פרעגט צי איז
דיזער פעלד גוט פאַר פּאָטייטאָס, הערט דאָס פעלד אויף צו
רעדען אין דער שפּראַך פון שעהנקייט, עס רעדט „ב י ז ־
נ ע ס". דאַרום וועט איהר טאַקע זעלטען געפינען פּויערים
אָדער לאַנד־באַוואוינער וואָס זאָלען פיהלען די שעהנקייט פון
די בערג און טאָלען צווישען וועלכע זײ וואוינען די גאַנצע
צייט. זײ וואונדערען זיך וואָרום טוריסטען און געסט זײנען
אַזוי ענטוזיאַסטיש איבער אַ בערגעלע אָדער אַ וואַסערל... זײ
ווייסען ניט אַז זײער פּראַקטישע פאַראינטערעסירטקײט פאַר־
שטעלט פאַר זײ די שעהנקייט פון ערד און וואַסער.

קומט איהר מיט אַ פרײען געמיטה צו דער נאַטור, העלפט
אייך די נאַטור נאָך מעהר זיך אויסלויטערען און דערפיהרט
אייך צו אַ רײנעם עסטעטישען נאַטור־גענוס.

אין דעם הימעל דערזעהט איהר די גאַנצע פאַרבען־פּראַכט
און דאַן דעם הימעל׳ס רוימליכקייט. יאָ, דעם רוים פון דעם
הימעל. געהט דורך, איך בעט אייך, מיט אייערע אויגען פון
איין עק הימעל ביז׳ן צווייטען, פון אונטען אַרויפצו, לאַנגזאַם,
אײנגיג, און איהר וועט פלוצלונג דערשפירען די אומענדליכקייט,
די גרויסע וועלט, דעם גאַנצען שפּיעל פון וועלכען אויך איהר
זײט אַ טײל... קען דען זײן אַ געפיהל גרעסער און פרײדיגער
ווי אַ לעבעדיגער באַוואוסטזײן פון אַזאַ שותפות אין אַזאַ גרוי־
סער אונטערנעהמונג!

באַל נאָך דעם הימעם קומט דעם הימעל׳ס שפּיגעל, דאָס
וואַסער. הימעל און וואַסער לעבען אײן און דעמזעלבען ליכ־
טיגען לעבען, צוגלײכער צײט ווערען זײ בײדע העל־ליכטיג
אָדער טונקעל, וואָלקען און שטערען טײלען זײער רײז צווישען
הימעל און וואַסער. נאָך הימעל און וואַסער, זײנען בלומען די
טרעגער פון די רײנסטע און שעהנסטע פאַרבען. „קײן בריי־
ליאַנט, זאָגט דער ענגלענדער דזשאָן ראַסקין, איז ניט אַזוי רײן
ווי אַ טראָפּען וואַסער און קײן עדעלשטײן טראָגט ניט אַזאַ
רײנעם פאַרביגען ליכט ווי די אײנפאַכע פעלד־בלום.

אונטער דעם גרינעם צודעק פון גראָז און בוש ליגט די
ערד, דער פונדאַמענט פון דער לאַנדשאַפט מיט איהרע קינדער

# סאלי

(ערצעהלונג פון קינדער-לעבען)

י. ב. ביילין:

אויף וויפיעל סאלי קען זיך נאר דערמאנען האט ער שטענ־דיג ליב געהאט צו שפילען זיך מיט דער שעהנער געפלעקעלטער קאץ און אריינגעגראבען זיינע הענטלאך אין איר ווייכען פעלץ, וואס זי האט אויף זיך געטראגען סאי זומער, סאי ווינטער. ווען קיינער האט נישט געזעהען האט ער איר אפילו געלאזט אריינשטעקען איר קאפ אין זיין טעלער זופ, אדער ער האט אפ־געצופט א היבש שטיקעל פלייש פון זיין חלק און האט עס איר שטילערהייט געגעבען. פריהער, ווען זיין מאמע האט נאך געלעבט, איז דער קאץ געווען וואויל און גוט. זי האט אויסגעזעהן אזוי שעהן, געזונט און פעט. סאלי געדענקט, ווי די מאמע האט איר אפט געגעבען מילך געמישט מיט וואסער אין אן עטוואס צובראכענער טעלעריל, וואס זי האט פאר איר באזונדער געהאלטען; ווי זי פלעגט צוזאמענקלייבען די איבער־געבליבענע ביינדלאך און אזוי שטיקלאך פון דעם עסען און עס אוועקגעגעבען דער קאץ. סאלי קען זיך נישט דערמאנען צי האט זי כאטש איין מאל געשלאגען די קאץ, ווען זי האט עפעס אויפגענאשט, אדער עפעס צובראכען שפרינגענדיג. זינט אבער דער טאטע האט חתונה געהאט מיט דער „מכשפה", ווי סאלי האט זיין שטיף־מוטער גערופען ביי זיך אין הארצען, איז געווארען אין שטוב א גיהנום, נישט נאר פאר סאלי'ן, נאר אויך פאר זיין טייערע און געפיעשטשעטע קאץ. די „מומע" האט איר געטריבען פון אומעטום, האט איר קיינמאל נישט געגעבען צו עסען און די פארהונגערטע חיה פלעגט ארומלוי־פען, ווי א פאר'סם'טע, מיאוקענדיג בעטלעריש און פארצווייר־פעלט. אפטמאל פלעגט זי איר אויך מערדעריש שלאגען, און דעמאלט האט סאלי געפילט, ווי זיין הערצעל ווערט פארלאפען מיט בלוט און ווען ער וואלט נאר געקענט וואלט ער דער „מכשפה" אויסגעדראפעט די אויגען. ביסלאכווייז האט זי גע־

נומען אים אויך שלאגען. פריהער, ווען דער טא... איז אין דערהיים נים געווען, און דאס נאך פלעגט ער אפקו... מיט א לייכטען פעטשעל איבער'ן האנט. אבער וואס ווייט... איז זי געווארען צו אים שלעכטער און שלעכטער ביז זי פלע... אים שוין אפילו שלאגען פאר'ן טאטען אין די אויגען. גשוו... ליך פלעגט דער טאטע עפעס אונטערברומען, אבער נישט מ... ווי עס ווייזט אויס האט ער אויך פאר איר עפעס מורא געהא... און סאלי פלעגט זיך וואונדערען: קען די מכשפה אויך שלא... דעם טאטען?...

אפטמאל האט זי סאלי'ן פאר א לייכטער שטיפעריי ... געשלאגען, אז פון זיינע געשרייען פלעגען זיך צוזאמענלוי... די שכנות און צווישען זיך איבערשרייען: דאס שלאגט ... ווידער מרס. קארפעל דעם יתום!" איינמאל האט אפילו עלטערער מאן געזאגט, אז ער וועט דאס נים פארשווייגען ער וועט עס מעלדען אין „פאליס סטיישאן", אבער דערפון נארנישט ארויסגעקומען. מסתמא האט זיך יענער דער... פארגעסען אן דער גאנצער מעשה.

זי האט אויף דעם אכטיעריגען איינגעל אנגעווארפען ... שרעק אז ער האט שוין מורא געהאט צו טאן דעם קלענס... „פארברעכען" אין הויז. ער האט זיך אפילו נישט געטא... שפילען מיט דער קאץ, ווען זי האט געזעהן. דערפאר פלע... ער ביינאכט אפט ארפגעהן שטילערהייט פון זיין בעטעל ... זיך לאנג־לאנג שפילען מיט איר ביז דער שלאף האט אים ... ריקנעצוויגען צו זיין געלעגער.

עס איז געווען ווינטער. די קאץ האט שוין געהאט ... זוארימען פלאץ פאר עטליכע ווינטערס אין קיך נעבען ד... גערדאויוען. כאטש אין דעם צימערל, וואו סאלי'ס בעטעל ... געשטאנען איז געווען קאלטליך, אמאל אויך זעהר קא... פונדעסטוועגען איז סאלי'ס ליבשאפט צו דער קאץ געווען ... שטארק, אז ווען ער האט זיך נאר אויפגעכאפט אין מי... נאכט איז ער ארויסגעשפרונגען פון דער ווארימער בעטעל אוועקגעגנב'עט זיך שטילערהייט אין קיך. דארט האט ... האלב־וואכעדיג אויף אים געווארט די קאץ, וואס האט קענ... אויך געזעהן אין אים איר איינציגען, אמת'ן פריינד. זי פלע... אים באגריסען מיט א לייכטען נאז־מוסע, אזוי ווי זי וואל... זיך אויך היטען, אז זייער סוד זאל נישט אנטדעקט ווערען. האט איר קאפ געריבען אן זיינע הענט, אפטמאל אויף אן ... פנים און פיעשטשענדיג זיך, ביסלאכווייז ארויפגערוקט זיך ... אים אויפ'ן שויס, וואו ער פלעגט איר האלטען און געבען ... צו עסען שטיקלאך פון דעם עסען, וואס ער האט שוין אנ... גרייט פאר איר.

געוואוינליך האט ער געדארפט אדורכגעהן דעם עס־צימ... און א שמאלען קארידאר, געהענדיג פון שלאף־צימער אין ק... אבער דער וועג איז אים שוין געווען אזוי באקאנט, אז ער איז ... ביינאכט אדורכגעגאנגען מיט כמעט פארמאכטע אויגען. ... זאך איז אים אין וועג נים געשטאנען. ער האט נאר געדאר... פארזיכטיג זיין נישט צו געבען מיט עפעס א קלאפ און אימע... פון הויז אויפוועקען.

אבער איינמאל, געהענדיג אזוי איבער דעם וועג, ה... ער זיך פלוצלונג אנגעשטויסען אן עפעס און א בראזג פון קלינגענדע צושמעטערטען געגענשטאנד האט אלעמען ... שטוב אויפגעוועקט. די „מומע", און נאך איר דער פאט... זיינען אריינגעלאפען צושראקענע, אנגעצונדען די גאז, און ... פונען סאלי'ן שטעהענדיג אין זיינע נאכט־קליידער, ווי א ט... אורטיילטער צום טויט, און געציטערט.

אויף סאלי'ן איז אנגעפאלען א מארנער פחד. ער ... שוין אפילו געוואוינט געווען צו קלעפ פון דער מאמען. אנ... פון דעם פאטער'ס אויגען האבען אויך געשפריצט פייער ... אים איז פארגעקומען, ווי ביידע וועלען זיך גלייך ארויפווארפ... אויף אים און שלאגען אים אויף זיין קוים־באדעקטען לייב. האט זיך צוזאמענגעקארטשעט ווי א יאזש און איבערגעווארט... פאר אים אליין האט זיך פון זיין מויל ארויסגעריסען: „שלא...

---

די בערג. די בערג האבען פאר אונז א באזונדער כישוף. זיי זיינען ריזען אין געשטאלט און צארטליעבליך ווי א קינד איז זייער פנים. פון דערווייטענס זעהען זיי אויס בלוי און לופ־טיג ווי די וואלקענס... מעכטיגע, אייביגע, גראניט־ריזען זעהען אויס אזוי פארגענגליך ווי רויך. מיר האבען ליעב צו קוקען אויף די בערג און נאך מעהר פון די בערג ארונטער אויף דער ברייטער לאנדשאפט און ווערען ענטציקט פון דער פאנאראמא. און ווען מען גיט א טראכט ווארום ציהט עס אונז צו קוקען פון הויכע בערג אראפ, קומט דער ענטפער אז ס'איז דערפאר וואס מיר דערזעהען פון דארט די וועלט פלוצלונג פון א נייעם אומבאקאנטען שטאנדפונקט. מיר פארלירען מיט אמאל אונ־זער טעגליכע פראקטישע באציהונג צו דער וועלט און ווערען מיט אמאל פעהיג צו באטראכטען די וועלט רייז עסטעטיש.

דאך איז דיזע נייקייט בלויז נייע אויף א ווייל. די אמת שעהנע לאנדשאפט זעהט מען נים פון די הויכע בערג אראב, נאר פיעל מעהר פון די געוועהנליכע פלעכען און טאלען אין וועלכע מיר לעבען. אויבען פון די בערג ווערען פאר'ן אויג פיעל פארמען פארלארען, פון דער לאנדשאפט ווערט מייסטענס א געאגראפישע קארטע, א מאפע; פון דער גאנצער געגענד — א קיילעכדיגער, בלוי־שימערירענדער טעלער. פארמען, גע־שטאלטונגען, גריפען און בילדער זעהט מען פיעל מעהר פון אונטען; מען דארף בלויז זעהן פון א רייגעם, זארגלאזען, יום־טוב'דיגען געמיטה... א ריינע נשמה און אן אפענע הארץ — אט דאס איז דער איינציגער וועג אויף וועלכען מיר קענען געניסען די נאטור אין איהר אונענדליכער רייכקייט און שעהנקייט.

איך וואלט געקאנט דערצעהלען פיעל איינצעלהייטען ווע־גען בלעטער, בוים, פעלזען און וואלקענס; איך וואלט געקענט אנווייזען אויף פארשיידענע מאלערישע עפעקטען אין דער נא־טור, דאס וואלט אפשר באריכערט אייער וויסען, אבער עס וואלט אייך נישט פיעל געהאלפען צו קענען געניסען די נאטור... עס וואלט אפשר גאר געשטערט... אליין דארף מען קומען צו דעם געפיהל פון נאטור, אליין אהין דערגרייכען, עס איז פיעל זיסער און גרעסער די פרייד.

ניט נישט... דאס האט מסתמא די קאץ געטאן... אט בין איך ייגעלאפען זעהן וואס איז דאס צוּבראכען געוואָרען"... זיי האבען אים עטליכע סעקונדען באטראכט, ווי זיי וואָל־ זיך מישב געווען, ווי אזוי און אויף וועמען אויסצוגיסען ער כעס. זיי האבען אים אבער גארנישט געטאן. דערבאר די „מומע" גלייך אויפגעזוכט די קאץ, געגעבען איר עט־ ע שטורכעס און ארויסגעיאגט איר, א מיאוקענדע פון שטוב. זיי זיינען צוריקגעגאנגען שלאפען און אין א קורצע ווייל ט שוין סאלי געהערט דעם באקאנטען שווערען אטעמען פון טער. ער האט אבער ניט געקענט אנטשלאפען ווערען. אין אויערען האבען אים געקלונגען די שוואכע פראטעסט־מיאוען דער קאץ, ווען די „מומע" האט איר ארויסגעשטויסען אין וען דער נאכט, אין דער קעלט. ער האט געפילט, ווי זיין ם ברענט פון שאנדע און אין הארץ האט זיך אים איינגע־ ען א טעמפער ווערהטאג פון חרטה. ער וואלט געשוואָרען דאס האט אימעצער ארויסגעשריען פאר אים...

אין א צייט ארום האט ער דייטליך געהערט דאס קראצען דער קאץ אין דער טיר. ער האט פארשטאנען, אז עס איר דארטען זעהר קאלט, און דאס האט נאך שארפער גע־ טען די ווייכע הארץ פון דעם אינגעל. ער האט שוין בשום ן נישט געקענט אנטשלאפען ווערען און האט געוואַרט אומ־ ילדיג עס זאל ווערען טאג. אבער די נאכט האט נאר נישט ה נעהאט זיך אמאל צו ענדיגען און סאלי'ס הארץ האט זיך זמענגעצויגען אין אזא מיר סארט שמערץ, וואס ער האט קיינמאל נישט געפילט, אפילו אין דער צייט, ווען זיין ע איז געלעגען א טויטע אויף דער ערד.

ווען עס האט אנגעהויבען צו טאגען איז ער איינגעשלאפען אויף א קורצער צייט. ער האט זיך באלד אויפגעכאפט פון א משונה׳דיגען שרעקענס־חלום, וואו די קאץ האט געקראגען א ועץ מיט א שטיק אייזען איבער׳ן קאפ...

ער האט זיך אנגעטאן דאס מאל אויסערגעוועהנליך שנעל, אריינגעלאפען גלייך צו דער „מומען" אין קיך און מיט א פאר־ כליפעטען קול ארויסגעשטאמעלט: „מומע, האט רחמנות אויף דער קאץ און נעמט איר אריין... דאס האב א י ך דאך צו־ בראכען די וואזע נעכטען ביי נאכט... איר קענט מיר איצט שלא־ גען"...

די פרוי האט זיך אין אנהייב א כאפ געטאן צו אים, ווי זי וואלט אים טאקע ועלען שלאגען. זי האט זיך אבער גלייך צוריקגעהאלטען און אויסגעשטעלט אויף דעם אינגעל א פאר איבערראשטע אויגען, ריכטיג ווי זי וואלט אים יעצט צום ערש־ טען מאל אין איר לעבען דערזעהן.

באלד האט א צערטליכער שמייכעל אפגעווישט די פאר־ וואונדערונג פון איר פנים, האט א כאפ געטאן סאלי'ן און גענומען אים קושען זיין צוקרימטען און פארוויינטען פנים.

— וויין נישט, מיין קינד, — האט זי א זאג געטאן אין א טאן, וואס האט דעם אינגעל גלייך בארוהיגט, — „קענסט צו־ ריק אריינגעמען די קאץ — דו ביזט דאך א גוט קינד, אן אמת'ער ברילאנט און איך האב עס ביז איצט נאר נישט גע־ וואוסט.

סאלי מיט זיין מומען זיינען געוואָרען גוטע פריינד. ביי די שכנים האט מען גערעדט, אז דאס האט מסתמא די פאליצייי זיך אריינגעמישט און אלץ צורעכט געמאכט.

# דער קאמף פאר דער נייער איד. שול אין אוקראינע

פון משה כץ

די ערשטע חדשים פון דער רוסישער רעוואָלוציע האבען בען א גרויסען קלאפ דער יונגער אידישער וועלטליכער שו־ ווי איך האב שוין אנגעוויזען אין פאָריגען ארטיקעל (זעה עומער „פריינד") זיינען די דאזיגע שולען געגרינדעט און יהרט געוואָרען כמעט איינשליסליך פון דער אידישער סא־ ליסטישער אינטעליגענץ, וואס האט אין די שווערע יאהרען דער מלחמה זיך כמעט ניט געקאנט בעטייליגען אין פאלי־ ען לעבען און אוועקגעגעבען אלע איהרע כחות דער הילף־ ייט פאר די רואינירטע אידישע מאסען.

נאך דער רעוואָלוציע האט דאס פאליטישע לעבען פארנו־ דעם איבערנאן. אלץ און אלע זיינען אוועק אין פאליטיק, די פאליטישע ארגאניזאציעס און אנשטאלטען. דאס בא־ טינגען פון דער רעוואָלוציע האט געפאָדערט א סך קרעפטען, טועכליך אינטעליגענטע קרעפטען, און די אידישע אינטע־ האט זיך מיט'ן גאנצען ברען אריינגעוואָרפען אין דער רעוואָלוציאנערער ארבייט. זי איז אוועק אין די ארביי־ ראטען, פראפעסיאָנעלע פאראיינען, שטאט־דומעס, פא־ ישע ארגאניזאציעס, פרעסע א. א. וו., און די יונגע אידישע עם האבען פלוצלונג פארלאָרען ס'רוב פון זייערע לעהרער. ט זיך אנגעהויבען א קריזיס. ס'האט זיך אנגעהויבען א קולטורעלע ירידה.

אבער דער דאזיגער קריזיס איז געווען אן אויסערליכער, קיין אויסוויינגסטער. ס'האבען אויסגעפעהלט קרעפטען פיהרען גוט די שולעס, אבער די קולטורעלע נויט און בא־ פענישען פון דער אידישער מאסע זיינען נאך דער רעוואָ־ ע געוואָרען ניט קלענער, נאר פיעל גרעסער. באלד נאך רשטע טעג פון דער רעוואָלוציע האבען זיך איבער'ן גאנ־ לאנד, אין אלע טיילען פון רוסלאנד, אנגעהויבען קולטור־ אידישע ארגאניזאציעס: ארבייטער־קלובען מיט לעקציעס זיי, אוונט־קורסען, קורסען פאר מינדעריעהריגע ארביי־ דראמאטישע פאראיינען, ביבליאָטעקען, קינדער־גערטנער, ס־אוניווערסיטעטען א. א. וו. צוליעב דער נייער פולער היט פון וואָרט האט די אידישע שפראך אין רוסלאנד און נדערס אין אוקראינע נאר אויפגעלעבט און גענומען קלינגען א נייעם אופן. ס'איז געווען אזוי כמעט אונערוואַרטעט

צו זעהן מיט וואס פאר א חשק די אידישע יוגענד, איינשליסענ־ דיג די שול־יוגענד פון די רוסישע „קאזיאנע" שולען האט זיך גענומען רעדען אידיש און באזוכען אידישע ליטעראַרישע און קולטורעלע אונטערנעמונגען. אדעסער גימנאזיסטען, אומאנער יוגענד, קיעווער סטודענטען, — אט די אלע וואס פלעגען זיך אמאל היטען אין עפענטליכע פלעצער פאר א אידיש וואָרט ווי פאר פייער, האבען איצט גענומען רעדען אויף די גאסען, אין די טעאטערען, אין די ביבליאָטעקען און אין די קארידאָרען פון די גימנאזיעס און אוניווערסיטעטען — אידיש. און דאס האט נאטירליך געמוזט אבשפיגלען זיך אויך אויף זייער אינטע־ רעס צו דער אידישער קולטור.

די ערשטע פראבען צו געבען דער אידישער שפראך פולע בירגערליכע גלייכבערעכטיגונג זיינען געמאכט געוואָרען אין אוק־ ראינע נאכדעם ווי די אוקראינישע ראדע (דער רעוואָלוציאָנערער פארלאמענט) האט פראָקלאמירט פריהער די אויטאָנאָמיע און דערנאך די אומאפהענגיגקייט פון אוקראינע אין סוף פון יאהר 1917. די אידישע סאציאליסטישע פארטייען, צו וועלכע די ערשטע אוקראינישע רעגירונג האט זיך געווענדעט נאך שטיצע און אנערקענונג, האבען ארויסגעשטעלט אלס זייערע ערשטע תנאים די פולע גלייכבערעכטיגונג פון דער אידישער שפראך, קולטור און שולע. זיי האבען פארלאנגט אז פון אלע אסיגני־ רונגען אויף קולטורעלע צוועקען וואס די אוקראינישע רעגירונג מאכט, זאל א באשטימטער פראצענט, לויט דער פראפארציע פון דער אידישער באפעלקערונג געהן אויך אויף אידישע קולטור־ אנשטאלטען. ווען די אוקראינישע רעגירונג האט זיך גענומען בויען שולעס, לעהרער־סעמינאריומס, ביבליאָטעקען און סובּ־ סידירען ביכער־פארלאגען, האבען די אידישע סאציאליסטישע פארטייען פארלאנגט אז א פראפארציאנעלער טייל זאל געהן אויך אויף אידישע אנשטאלטען, — און די אוקראינישע רעגי־ רונג האט דערויף איינגעשטימט.

מיר האבען דאס אלץ געפאָדערט און געקעמפט דערפאר, זייערע בקשות (פראשעניעס) אין אלע אפיציעלע אנשטאלטען, אין די מיניסטעריומס, צו די דושאדזשעס אין די געריכטען, א. א. וו. אין אידיש, אז מען זאל קאנען שיקען טעלעגראמעס אין דער אידישער שפראך, אז אלע מעלדונגען פון דער רעגי־

רונג, וואָס וועלען אויסגעקלעפּט אויף די גאַסן זאָלן זיין אויף אין אידיש, אַז אַלע געזעצן און באַפעהלען וואָס די רעגירונג גיט אַרויס זאָלן געגעבן ווערן אויך אין אַן אָפיציעלער אידישער איבערזעצונג. און די רעגירונג האָט די אַלע פאָדערונגען אונזערע נאָכגעגעבן.

מיר האָבן דאָס אַלץ געפאָדערט און געקעמפּט דערפאַר, ניט דערפאַר ווייל מיר זיינען אַלע פּלוצלונג געוואָרען אַזעלכע אידישע שפּראַך־חסידים, אָדער ווייל מיר האָבן גערעכנט אַז דאָס איינציגע און וויכטיגסטע אין אונזער לעבן איז די אידישע שפּראַך. אָבער אונזער שפּראַך איז געווען דער סימן פון אונטערשייד צווישען אונז און אונזערע שכנים, דער „טייטל", אויפ'ן גרונט פון וועלכען מיר האָבן געפאָדערט די פולע פאַרטיידיגונג פון אונזערע רעכט. פאָדערן די פולע גלייכבאַרעכטיגונג פון דער אידישער שפּראַך אין אַלע אָפיציעלע אַנשטאַלטען האָט פאַר אונז בעמיינט די פאָדערונג, אַז אין אַלע אָפיציעלע רעגירונגס־אַנשטאַלטען זאָלען מ ו ז ע ן זיצען אידען וואָס פאַרשטעהען די דאָזיגע שפּראַך; אַז די רעגירונג זאָל בשום אופן ניט האָבן קיין אויסרייד פאַר אַ קינסטליכער אַסימילאַציע פון דער אידישער באַפעלקערונג און אַז אונזער נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטיגונג וועט דורכגעפיהרט ווערען ניט נאָר אויפ'ן פּאַפּיער, נאָר אויך אין טאָג־טעגליכען לעבען. צוליעב אָט דעם צוועק האָבן מיר אויך געפאָדערט און אויסגעפיהרט, אַז די ערשטע אוקראַינישע פּאַפּיער־געלט (די 100 קאַרבאָוואַנצעס) זאָלען האָבן אויף זיך אינאיינעם מיט דעם אוקראַינישען אויך אַ אידישען טעקסט.

דעם רעזולטאַט פון דער גלייכבאַרעכטיגונג פון דער אידישער שפּראַך האָבן מיר באַלד אויטאָמאַטיש דערפיהלט אויף אויפ'ן אידישען שול־געביט.

נאָך דער רעוואָלוציע האָבן זיך אין יעדער שטאָדט און שטעדטעל פון אוקראַינע גענומען גרינדען, ווי שוואָמען נאָך אַ רעגען, „אידישע גימנאַזיעס". מען האָט פאַרוואַנדעלט אין „גימנאַזיעס" „קאַזיאָנע אוטשילישטשעס", האַנדווערקער־שולעס, אפילו תלמוד־תורות און שיער ניט חדרים. געבויט די „גימנאַזיעס" האָט די אידישע בורזשואַזיע און דער טיפּ זייערער איז געווען אַן אַלט־פרענקישער, אַ געטרייע קאָפּיע פון די „אידישע גימנאַזיעס" פון די אַלטע צאַרישע צייטען. אידיש זיינען אין זיי געווען בלויז די שילער. פאַר לעהרער האָט מען געזוכט דוקא גויים, מעג זיין אפילו אַזעלכע וואָס זיינען פריהער געווען בלויז לעהרער אין רוסישע פאָלקס־שולעס. די שפּראַך אין זיי איז, פאַרשטעהט זיך, געווען רוסיש, מיט אַ קליינעם צומיש פון אוקראַיניש (כדי יוצא צו זיין פאַר דער אוקראַינישער רעגירונג) און מיט „אידישע פרעדמעטען" אין דער העברעאישער שפּראַך. דעם גרויסען נוצען וואָס אַזאַ מין „קולטור־אַנשטאַלטען" האָבן געקאָנט ברייינגען די ברייטע מאַסען פון דער אידישער באַפעלקערונג קאָן מען זיך לייכט פאַרשטעלען.

נאָכדעם ווי ביים אוקראַינישען מיניסטעריום פאַר נאַציאָנאַלע ענינים איז געגרינדעט געוואָרען אַ אידישער וויצע־מיניסטעריום האָט דאָס אוקראַינישע בילדונגס־מיניסטעריום גענומען איבערשיקען אַלע מעלדונגען און בקשות וועגען די „אידישע גימנאַזיעס" צום אידישען וויצע־מיניסטער אויף צו באַשטעטיגען.

דער אידישער וויצע־מיניסטער (און דערנאָך דער מיניסטער פאַר אידישע ענינים) איז דעמאָלט געווען דר. מ. זילבערפאַרב, אַ פאָרשטעהער פון דער „פאַראייניגטער אידישער סאָציאַליסטישער אַרבייטער פאַרטיי" (געוועזענע ס.־ס. און ...מאָווצעס). דער דירעקטאָר פון דעם אידישען בילדונגס־דעפּאַ...
מענט איז ביי איהם געווען א. סטראַשון (אַ פאַרשטעהער ...
בונד). ווען זיי האָבן באַקומען די בקשות וועגען באַשטעט...
די „אידישע גימנאַזיעס" האָבן זיי געענטפערט: „גוט, ...
וועלען אייך באַשטעטיגען, אָבער בתנאי, אַז אייערע גימנאַ...
זאָלען באמת זיין אידישע, דאָס הייסט, זיי זאָלען געפּי...
ווערען אין דער אידישער שפּראַך. איהר קאָנט איינפיהרען ...
למוד פון העברעאיש, אוקראַיניש, רוסיש און פון אַנדערע שפּ...
כען, אָבער די לערן־שפּראַך מוז זיין אידיש."

צווישען די דירעקטאָרען פון פריש־געבאַקענע גימנאַ...
האָט זיך אָנגעהויבען אַן אמת'ע יללה: „מען וויל „פאַרזש...
גאַניזירען" די אידישע גימנאַזיעס, מען וויל אויף אונז אַר...
צווינגען דעם זשאַרגאָן. ס'האָבן זיך געפונען אפילו אַזע...
הכמה'דיגע דירעקטאָרען וואָס האָבן זיך ניט געפּוילט ...
אָוועקגעשיקט אין אוקראַינישען בילדונגס מיניסטעריום און ...
ניסטעריום פאַר אינערליכע ענינים מ ס י ר ו ת אויפ'ן ...
דישען מיניסטער, באַשולדיגענדיג איהם אין דער שרעקלי...
„זשאַרגאָנזאַציע". ס'האָט זיי אָבער ניט געהאָלפען. ...
זייערע מסירות פלעגען אויך איבערגעשיקט ווערען אין א...
שען מיניסטעריום, און זיי האָבן זיך נעבעך געמוזט בוי...
ס'רוב פון די פריש־געבאַקענע „גימנאַזיעס" זיינען, אמת, ...
טערגעגאַנגען, ווייל זיי האָבן ניט געקאָנט באַפרידיגען ...
פעדאַגאָגישע פאָדערונגען פון אידישען בילדונג־דעפּאַרטמ...
אָבער די וואָס זיינען געבליבען האָבן ביסלעכווייז און מי...
קרעכץ גענומען איבערגעהן אויף אידיש.

אין דערזעלביגער צייט האָט אָבער דאָס אידישע מי...
טעריום זיך אויך ניט פאַרלאָזען אויפ'ן גוטען ווילען פון ...
אידישער בורזשואַזיע. עס איז אויסגעאַרבייט געוואָרען אַ פּ...
צו גרינדען אידישע רעגירונג־גימנאַזיעס, — וואָס זאָלען זיי...
מוסטער פאַר די פּריוואַטע — אין די צענטראַלע שטעדט ...
אוקראַינע. ס'איז געמאַכט געוואָרען אַ חשבון פון אַלע א...
שע „קאַזיאָנע" שולעס, וואָס האָבן עקזיסטירט אין אוקר...
און אין זיי אַלע איז איינגעפיהרט געוואָרען אידיש ניט ...
אַלס באַזונדערער למוד, נאָר אויך אַלס לערן־שפּראַך. ס...
אויך אויסגעאַרבייט געוואָרען אַ פּראָיעקט צו באַדעקען ג...
אוקראַינע מיט אַ נעץ פון נאָרמאַלע אידישע פאָלקס־שולעס ...
ערשטען און צווייטען גראַד, דאָס הייסט מיט אַ קורס פו...
און פון אַ יאָהר.

אָבער כדי די אַלע פּראָיעקטען זאָלען פאַרווירקליכט ...
רען האָט מען געמוזט פריהער פאַר אַלץ האָבען לעהרער, ...
קיין גענוגענדע צאָהל ערפאַהרענע אידישע לעהרער איז ניט ...
ווען. האָט דאָס אידישע מיניסטעריום דעריבער געגרינ...
אין קיעוו, כאַרקאָוו, אָדעס, זשיטאָמיר און יעקאַטערינאָס...
קורץ־טערמינינע לעהרער־קורסען פאַר לעהרער און פרעבע...
טינס (לעהרערינס פון די קינדער־גערטנער). מען האָט צו...
צונעצויגען סאַי לעהרער, וואָס האָבן פריהער געלערנט אי...
שולעס אויף רוסיש, סאַי די אינטעליגענטע יוגענד, וואָס ...
באַקומען אַ רוסישע בילדונג און האָט געוואָלט איבערגעהן ...
לעהרעריי אין דער אידישער שפּראַך. אַלס לעהרער אין ...
דאָזיגע סעמינאַריעס זיינען צונעצויגען געוואָרען די בעסטע ...
דישע לעהרער, און די שילער האָבן אַלע באַקומען „סטי...
דיעס" (ספּעציעלע אַסיגנירונגען) וואָס האָבן זיי געגעבען ...
מעגליכקייט צו לערנען זיך אומגעשטערט און ניט צו זיין ...
צוואונגען צו זוכען פאַר זיך אַ פרנסה אויסער דער שול־באַנ...

---

א. ח. העלער:

## צ ו ו י י  ב ט ל נ י ם

(פראַגמענט פון אַ באַלאַדע)

צוויי בטלנים,
צוויי למדנים
פלעגען לערנען מיט התמדה
אי הלכה, אי הגדה
אין דער גרויסער אַלטער קלויז.
אין דעם אַלטען שמש'ס הויז,
אין דעם שאָטען פון דער קלויז,
ביי דעם ברעג פון בלויען דנעסטער
האָט געבליהט די יונגע אסתר...
איז געווען די פרומע אסתר
אי אַ מאַמע, אי אַ שוועסטער
צו די יונגע צוויי למדנים
צו די עלענדע בטלנים.

צוויי גזלנים, צוויי ליודאַקעס,
ביידע חיות — הײדאַמאַקעס,
זיינען אסתר'קען באַפאַלען, —
זי באַפאַלען... און פאַרפאַלען...
וויינט דער אַלטער שמש ביטער
און די טאָכטער זיינע היט ער;
און פון וואַהנזין רייסט זיך אסתר
רק צום בלויען טיעפען דנעסטער...

— — — — — — — — — — — —

פון גאַנצפריה ביז שפּעט ביינאַכט,
מיד, פאַרחושכ'ט און פאַרשמאַכט —
צוויי בטלנים יונגע האָבען
אַלע פינגער איינגעגראָבען
אין דער גרויסער געלער בלאַט:
פשוט ניט געוואוסט דעם פשט,
ניט געהאַט נאָר קיין בעגריעף
אין דעם האַרבען מהר"ם שיף.

— — — — — — — — — — — —

שוין פאַראיבער איז די נאַכט —
אַלץ נאָך זיצען טיעף, פאַרטראַכט
צוויי בטלנים,
צוויי למדנים,
קרעכצען איבער דער גמרא,
און זיי דענקען, ס'איז אַ סברא,
גאָרניט פון דער האַרבער שיטה
וועגען יובל, אָדער שמיטה: —
אין בית־מדרש אינ|ם אַלטען,
צווישען שמות־טיעף באַהאַלטען.
זיינען איינמאָל שטום געליגען
אַ ל ץ געהערט און שטיל געשוויגען
צוויי בטלנים
צוויי גזלנים...

# פאפולערע פארלעזונגען איבער פסיכאלאגיע

פון דר. יעקב גרינפעלד

1.

## וואס איז פסיכאלאגיע?

עס ליגט שוין אין דער נאטור פונ'ם מענשען, אז זאכען, ואס זיינען איהם גאנץ נאהענט, מעגען די זאכען זיין ווי קאמ־ פליצירט, ערשיינען זיי איהם אלס זעלבסט פארשטענדליך און ר פארטראכט זיך שוין גארניט אויף זיי. די פאנטאזיע וואוינט יט אין גאנץ נאהענטער שכנה'שאפט מיט דער ווירקליכקייט.

דערפאר האבען די פראגען ועגען גאט, וועגען רוים און יט, ועגען ענטשטעהען און פארגעהן — פראגען וואס שטע־ ען גאנץ ווייט פונ'ם טעגליכען לעבען מיט זיינע ערשיינונגען ון פאסירונגען — נאך גאנץ פריה באשעפטיגט די מענשען ין זייער פרימיטיווסטען צושטאנד.

דאס גרויסע וואונדער פון זיין אייגענער פערזאן, זיין פע־ ינקייט צו דענקען, זיין געצוואונגען־זיין צו פיהלען, זיין גאנ־ ען שכל און עמפפינדונגס־אפאראט, וואס פארמעסט זיך צו ייזען די גרעסטע וועלט־פראבלעמען, אט דעם איך־עיקר, אט עם צענטערפונקט פון דער קאזמאס־פעריפעריע — דאס האט ער מענש א לאנגע צייט איגנאנצען פארגעסען צו באוואונ־ ערען, און נאך וועניגער האט ער געזוכט אריינצודרינגען אין ט די ענינים און געזוכט ערקלערונגען וועגען זיי.

דערפאר האבען זיך אויך די מעהר ברייטערע געזעלשאפטס־ ויסענשאפטען, ווי סאציאלאגיע און פאליטישע עקאנאמיע, זיך עהר איינגעבירגערט אין די פאלקס־מוחות, ווי די פסיכאלאגיע.

פון דער קליינער הקדמה איז שוין ממילא פארשטענדליך, ן די פסיכלאלאגיע האט צו טאן מיט די נאהענטסטע און ינטימסטע באציהונגען ניט נאר פון מענש צו מענש נאר אויך ון מענש צו זיך אליין. מיר וועלען איצט פארזוכען פרעציז עסטצושטעלען וואס איז אזוינס פסיכאלאגיע און אין וואס אשטעהט איהר אויפגאבע.

פונקט ווי די פיזיאלאגיע האט צו טאן מיט דער באשריי־ ונג און אויספארשונג פונ'ם קערפער, פונקט אזוי האט פסי־ אלאגיע צו־טאן מיט דער באשרייבונג און אויספארשונג פון ער נשמה.

כדי ניט מיספארשטאנען צו ווערען מוז איך דא באטאנען, ז די פסיכאלאגיע זעצט ניט פאראויס די עקזיסטענץ פון א שמה אין דעם זין ווי עס ווערט פארשטאנען אין דער רע־ יגיאן. — אונטער נשמה און פסיכאלאגישען זין ווערט פארשטא־ ען די סומע פון די פאקטען, ערשיינונגען, פאסירונגען און אל־ ערליי איבערלעבונגען אויף וויפיעל זיי האבען צו טאן מיט ונזערם גייסטיגען איך.

אזוי ארום געהען אריין אינ'ם געביט פון דער פסיכאלאגיע לערליי עמפינדונגען, ליעבע, האס, כעס, וואונש, פארלאנג, ארערפעניש, נויטווענדיגקייט; ווילען, טרוים, פאנטאזיע; מיט יין ווארט, אונזער גאנצע גייסטיגע וועלט.

אין נעגענזאץ צו פיזיק, וואס האט צו טאן מיט דער פעסט־ טעלונג פון געזעצען אין דער מאטעריעלער וועלט, האט די סיכאלאגיע צו טאן מיט דער פעסטשטעלונג פון געזעצען אין ער גייסטיגער וועלט; אין געגענזאץ צו דער פיזיק, וואס שעפט יהרע ערפארשונגען און באגרינדעט איהרע באטראכטונגען ויף דאס פארהאנען־זיין פון זאכען און פארקומעניש פון פא־ ירונגען אין דער דרויסענדיגער וועלט, איז פאר דער פסיכא־ אגיע די איינציגע קוועלע אונזער אינערליך לעבען און די פא־ ירונגען דארט — איבערלעבונגען.

ווען מיר רעזומירען דאס ביז איצט געזאגטע קומען מיר ום שלום, אז די פסיכאלאגיע איז די ווי־ ענשאפט פון אונזער נשמה־לעבען, ון איהר הויפט־קוואל איז די זעלבסט־בעאבאכטונג.

אויפ'ן ערשטען בליק שיינט, אז פסיכאלאגיע איז אן אונ־ עגליכע זאך, אז: היות ווי יעדעס אינדיווידואום איז זיך א וועלט פאר זיך, היות ווי יעדער איינצעלנער מענש דענקט און פיהלט אויף פארשיידענער ארט און ווייזע, דארף דערפאר יעדער איינציגער האבען אן אנדער גייסטיגע באשרייבונג און די אויספארשונגען פון יעדען איינעם גייסטיגען איך וואלטען באדארפט ארויסברייגען פארשיידענע רעזולטאטען. אזוי ארום וואלט נעקענט געזאמעלט ווערען אן אומצעהליגער הויפען פון קאנקרעטע פאקטען, עס וואלט אבער קיינמאל ניט ארויסגעקר מען קיין סיסטעמאטישע פעסטשטעלונג פון געזעצען, וואס זיי־ נען גילטיג פאר אלעמען.

דאס שיינט אבער נאר אויפ'ן ערשטען בליק. דער אמת איז אבער, אז אט איז טאקע די אויפגאבע פון דער פסיכאלאגיע אלס וויסענשאפט, דורך די טויזענטער און טויזענטער קאנ־ קרעטע פאקטען, צופעליגע פאסירונגען צו צוקומען צו אלגע־ מיינהייטען, אבסטראקציעס, דורך וועלכע אט דער גאנצער לא־ בירינט זאל קענען סיסטעמאטיזירט ווערען.

א קאנקרעטער ביישפיעל וועט די זאך אביסעל קלאהרער מאכען:

ווען מיר זעהען ווי א פרוי גיט זיך אפ מיט א קינד, זי גיט דעם קינד עסען, טרינקען, לייגט עס שלאפען, פרעהט זיך מיט'ן קינד'ס חכמות און ליידט מיט ווען דאס קינד ליידט; ווען מיר זעהען אט די אלע קאנקרעטע פאקטען און ווערען נאך דערצו געוואהר, אז די פרוי איז די מוטער פונ'ם קינד, ווערען ביי אונז אט די אלע פארקומענישען צווישען מוטער און קינד באצייכענט מיט איין איינציגען באגריף: מוטער־ליעבע. דאס ווארט מוטערליעבע איז א פסיכאלאגישער טערמין, וואס קען ערקלערען און סיסטעמאטיזירען א גאנצען הויפען פון קאנקרע־ טע ערשיינונגען און פאסירונגען.

אדער ווען מיר בעאבאכטען די באציהונגען פון צוויי שכנים, מיר בעאבאכטען זיי א גאנץ יאהר און דערנאך באשלי־ סען מיר ביי אונז, אז אט די שכנים זיינען פריינד אדער פיינד איינער דעם צווייטען.

עס מיינט נאטירליך ניט עפעס אנדערש ווי מיר האבען צוזאמענגערעכענט טויזענטער קאנקרעטע פאקטען פון א גאנץ יאהר בעאבאכטונג און מיר האבען אלע צוזאמען אריינגענומען אונטער איין נאמען: פריינדשאפט, אדער פיינדשאפט. דער־ מיט האבען מיר געטאן די ארבייט פון פסיכאלאגען.

עס איז אמת, אז בעאבאכטען די מוטער מיט'ן קינד, די צוויי שכנים, האבען מיר א סך זאכען ביי זיי באמערקט, וואס האבען ניט צו טאן מיט מוטער־ליעבע, מיט פריינדשאפט אדער מיט פיינדשאפט. אבער מיר האבען גענומען נאר די פאקטען און ערשיינונגען, וואס מיר האבען אם שטארקסטען באמערקט; אט די פאסירונגען, וואס זיינען אם מייסטען פארגעקומען. פון די פאסירונגען האבען מיר גענומען אט די שטריכען, וואס האר בען זיך אם מייסטען איבערגע'חזר'ט און אזוי ארום איז ארויס־ געקומען, אז אין א גאנצער רייה פון פארקומענישען האט זיך ווידערהאלט דערזעלבער שטריך, און אט דעם שטריך האבען מיר עס א נאמען געגעבען מוטער־ליעבע, פריינדשאפט אדער פיינדשאפט.

איצט ווערט פאר אונז גאנץ קלאר, אז כאטש יעדעס אינ־ דיווידואום איז מיט זיין גערעדאנקען־וועלט א וועלט פאר זיך; כאטש יעדען איינעמס געדאנקען, געפיהלען און עמפינדונגען זיינען אין א געוויסער מאס פארשיידען, האבען זיי אבער דאך עפעס אזוינס שותפות'דיגעס אלע צוזאמען. מיט דער אויפזור־ כונג פון אט דעם שותפות'דיגען, מיט די טאטאלען פון די חבורים פון א סך קאנקרעטע פאקטען, מיט דער באשאפונג פון אבסטראקטע באגריפען דורך די אנאליזירונג פון קאנקרעטע צו־ פעליגקייטען — מיט דעם באשעפטיגט זיך די פסיכאלאגיע.

דאסזעלבע טוט די פיזיק אויפ'ן געביט פון דער דרויסענ־ דיגער וועלט, די סאציאלאגיע — אויפ'ן געזעלשאפטליכען גע־ ביט, מיט איין ווארט, יעדע וויסענשאפט אויף איהר געביט.

# די „קללה פון וואָרט"

ש. ראַבינאָוויטש:

„אויב אין פּאָעזיע איז דאָ אַזאַ זאַך, ווי דער כּשוף פון וואָרט, איז אָבער אין פילאָזאָפיע, רעליגיע און סאָציאָלאָגיע דאָ אַזאַ זאַך, ווי די קללה פון וואָרט... אָט די קללה פון וואָרט איז, נאָך מיין מיינונג פאַראַנטוואָרטליך פאַר אַ היבש ביסעל שטרייט וועגען „דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט" און „דעמאָקראַטיע", וואָס געהט איצט אָן אין אונזערע רייהען. מען נעהמט די ווערטער אין זייער אַבסאָלוטען זינן, אין זייער היפּנאָטישען זין און מען דרעהט זיך אַרום זיי ווי אין אַ פאַרשאָלטענעם ציר־קעל..."

אָט די נייע ענטדעקונג פון אַ „קללה־וואָרט" אין סאָציאָלאָגיע און איהר אָנווענדונג אויף „דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט" געהערט צו גענ. בוכוואַלד'ען. מיט די אויבענדערמאָנטע שורות הייבט זיך אָן זיין אַרטיקעל אין דער „נייער וועלט" פון דעם 25טען יוני. ער טרעט דאָרט אַרויס, ווי אַן אומפּאַרטייאישער געלעהרטער, וואָס בעאָבאַכטעט, שטודירט און פאַרצייכענט. און אַלס אַ רעזולטאַט פון זיינע פאָרשונגען האָט ער אַרויסגעבראַכט די „קללה פון וואָרט", וואָס „פאַרשקלאַפט", „היפּנאָטיזירט" און צוליב וועלכען „מען דרעהט זיך אין אַ פאַרשאָלטענעם צירקעל".

אַ פּאָאָר וואָכען זיינען פאַריבער און — וואָס עס קען טרעפען! — עס ערשיינט אַן אַרטיקעל פון גענ. בוכוואַלד'ן אין „פריינד" וועגען „די קאָנווענשאָן פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי", און די נייע תוכחה איז אויך אויף איהם אויסגעגאָסען, די „קללה פון וואָרט" האָט איהם באַהערשט און ער איז „פאַהשקלאַפט", היפּנאָטיזירט" און ער „דרעהט זיך אין אַ פאַרשאָלטענעם צירקעל".

וואָס איז געשעהן?

די קאָנווענשאָן האָט זיך אַרויסגעזאָגט נעגען דעם, אַז מען זאָל אַרויפצווינגען אויף אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון אַלע לענדער די פאָרמולע „דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט", אַז די פאָרמולאַ זאָל ניט אָוועקגעשטעלט ווערען אַלס אַ מוז פאַר אַלע סאָציאַליסטען, וואָס ווילען זיך אָנשליסען אָן דעם דאָרטיגען אינטערנאַציאָנאַל. דאָס איז דער איינציגער באַדינג, וואָס קען פאַראייניגען אַלע סאָציאַליסטען פון דער גאַנצער וועלט אין אַן אמת'ען, אין אַ ווירקליכען אינטערנאַציאָנאַל.

דאָס איז דאָס בעסטע, וואָס די קאָנווענשאָן האָט געקאָנט באַשליסען. אַנדערש וואָלט עס געווען ניט מאַרקסיסטיש. יעדעס לאַנד האָט זיין אייגענאַרטיגע געשיכטע, און דאַרום מוז עס זיך באַנוצען מיט זיין אייגענאַרטיגער טאַקטיק. און דאַרום האָט מאַרקס געזאָגט, אַז די סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז ביז אַ געוויסען גראַד אַ נאַציאָנאַלע באַוועגונג, ד. ה. אַז די אָנווענדונג, די טאַקטיק מוז זיך האַלטען אין די ראַמען פון די באַזונדערע באַדינגונגען פון דער נאַציאָן.

דאָס איז אַלץ גערעדט געוואָרען, ווען אפילו עס וואָלטען קיין צוויי מיינונגען ניט געווען וועגען די רוסישע באָלשעוויקעס, ווען עס וואָלט באַוויזען געוואָרען ווי צוויי מאָל צוויי איז פיער, אַז דער וועג, וואָס זיי האָבען אויסגעקליבען, איז דער ריכטיגער. היינט מה דאָך, אַז עס זיינען פאַראַן גאַנץ גרויסע און וויכטיגע טעאָרעטיקער פון'ם וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם, וואָס זיינען נאָך עד היום איבערצייגט, אַז זייער טאַקטיק אפילו אין באַצוג צו זייער אייגען לאַנד איז ניט קיין ריכטיגע.

גענ. בוכוואַלד וויל אָבער פון גאָר נישט וויסען. די „קללה פון וואָרט" לאָזט איהם ניט טראַכטען. ער האָט „מורא צו אַנאַליזירען, צו פאַרשטעהן". ער באַשולדיגט די קאָנווענשאָן, אַז זי האָט אָנגענומען „אַן אויסגעשפּראָכענע קאָנסערוואַטיווע שטעלונג", ווייל זי האָט „ענטשיידען צוריקגעוויזען די „דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט". אומזיסט וועט איהר איהם אָנווייזען אויף יערען פּאַראַגראַף פון דער „דעקלאַריישאָן אָוו פּרינציפּעלס", אַז עס ענטהאַלט 100 פּראָצענטיגען ראַדיקאַליזם, סאָציאַליזם. זייט ניט אַזוי פאַרביטערט, גענ. בוכוואַלד! עס איז דאָך גאָר נים אַזוי שלעכט! — אָך, וואָס רעדט איהר, זיי
האָבען דאָך ענטשיידען צוריקגעוויזען די „דיקטאַטור פון פּראָ
לעטאַריאַט" פאַר אַמעריקאַ.

בוכוואַלד איז אַזוי פיעל „היפּנאָטיזירט", אויסדריקענדי
זיך איידעל, אַז ער באַהויפּטעט, אַז די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַ
ריאַט איז „איינער פון די ווינקעל־שטיינער פון וויסענשאַפט
ליכען סאָציאַליזם". און די „קללה פון וואָרט" האָט איהם אַז
פאַרביטערט אַז ער פאַלט אָן מיט אַ ביטערען סאַרקאַזם אוי
דעם „קאָפּ פון אונזער באַוועגונג", מאָררים הילקוויט'ן, פאַר
וואָס ער האָט וועגען דעם אַן אַנדער מיינונג.

אָבער גענ. בוכוואַלד, באַפרייט זיך כאָטש אויף איין מאָ
מענט פון אייער היפּנאָז און לאָמיר עס באַטראַכטען אַלס „סאָ
ציאָלאָגען."

וואָס איז אַזוינס דיקטאַטור?

דאָס איז מאַכט פאַרכאַפּונג. אַנשטאָט דעם, לאָמיר זאָגע
וואָס פריהער האָט געהערשט איין גרופּע, הערש
איצט אַן אַנדערע. ווייסט איהר דאָך, גענאָסע בוכוואַלד, א
אין אַ סאָציאַליסטישען שטאַאַט איז קיין הערשאַפ
ניטאָ.

אָבער, וועט איהר, גענ. בוכוואַלד, זאָגען, וואָס איז מב
„דער איבערגאַנגס־שטופע פון קאַפּיטאַליזם צו סאָציאַליזם?".

אי, דער היפּנאָז! אַלץ שטעהט פאַר זיינע אויגען די ר
סישע פאָרמולאַ „דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט", און דאָס פאַ
שטעלט איהם די גאַנצע ליכטיגע וועלט. אָט דאָס רעדט מע
דאָך טאַקע. די באָלשעוויקעס אין רוסלאַנד האָבען אין זייע
איבערגאַנג שטופע געמוזט זיך באַנוצען מיט דער „דיקטאַטור
ווייל דאָרט האָט אַ הייפעלע „פּראָלעטאַריאַט", אין פאַרגלייך
מיט דער גאַנצער באַפעלקערונג, פאַרכאַפּט די מאַכט. זאָלע
זיי אויפגעבען די דיקטאַטור וועט מען זיי פּשוט אויפהענגע
אויף די ערשט־בעסטע לאַנטערנעס. איהר ראָרפט דאָך פאַר
שטעהן (ווען ניט די קללה פון וואָרט), אַז ווען די „איבער
גאַנגס שטופע" ווערט געמאַכט פון די מאַסען אָרגאַניזירטע אַר
בייטער, פון די צעהנדליגע מיליאָנען — דאַן איז ניט נויטי
קיין דיקטאַטור, דאַן וועט עס הייסען „אחרי רבים להטות". האָ
נאָר אין זינען, אַז מיר ריידען איצט, ווי וועט פאָרקומען ד
איבערגאַנגס־שטופע. דאָס ווייס ניט איך און ניט איהר. מעג
ליך אַז דורך אַ רעוואָלוציאָן און מעגליך אַלאַ ענגלאַנד. פאַ
אונז איז איצט וויכטיג די פראַגע צי „דיקטאַטור פון פּראָלע
טאַריאַט" איז דער „ווינקעל שטיין". עס איז יע דאָ אַ ווינ
קעל־שטיין, אָבער... פאַר די אַנאַרכיסטען, סינדיקאַליסטען, פאַ
די אַמאָליגע בלאַנקיסטען. אָט די אַלע איסטען האָבען טאַקי
געגלויבט און געפּרעדיגט, אַז קליינע באַוואָפענטע גרופּען זאָ
מען מאַכען אַ „קו'ד'עטאַ", אַן איבערקעהרעניש. מאַרקס האָט
געפּרעדיגט קלאַסען־קאַמף, קלאַסען־באַוואוסטזיין
און פאַראייניגונג פון אַלע פּראָלעטאַ
ריער פאַר'ן קאַמף געגען קאַפּיטאַליזם.

איהר וועט נאַטירליך מיר אָנווייזען, אַז ביי מאַרקס'ן גע
פינט זיך אַזאַ פראַזע. איך וועל אייך דאַן אָפּשיקען צום „קאָפּ
פון אונזער באַוועגונג". אַזוי צי אַזוי, קלאָר איז עס אָבער
אַז קיין „גרונדשטיין" פון וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם אי
עס ניט.

גענ. בוכוואַלד קען זיך אָבער ניט באַרוהיגען. „די קאָנ
ווענשאָן — שרייבט ער — האָט צוריקגעוויזען די דיקטאַטו
פון פּראָלעטאַריאַט ניט נאָר פאַר דער נעגענוואַרט — דאַנ
וואָלט געווען גאַנץ נאַטירליך — נאָר פאַר אַלע מאָל."

אַן אמת'ער סקאַנדאַל! נעמען און באַשלאָסען, אַז
קיינמאָל זאָל דאָ ביי אונז ניט זיין קיין דיקטאַטור פון פּראָ
לעטאַריאַט! דאָ מוז איך קומען צו אייך מיט אַ טרייסט
וואָרט. איהר ווייסט דאָך ווי די רוסען זאָגען: „פּערעמע
ליטסיאַ מוקאַ בודיעט". אָט האָט איהר אַליין דערמאָנט אי
אייער אַרטיקעל וועגען אַמאָליגע גוטע צייטען, וועגען „דע
דראַמאַטישער קאָנווענשאָן", וואָס איז פאַר־אַ־יאָהרען אָפּגעהאַל
טען געוואָרען אין שיקאַגאָ, וועגען דער רעוואָלוציאָנערער סענט

...אים'ער קאנוועגשאן פון 1917. נו, דארף מען ניט ארופּ־
...לען ביי זיך. קיין זאך איז ניט אייביג. עס וועלען אם ירצה
...ם זיין נאך קאנוועגשאנס, און ווער ווייס ? ס'קען זיין אז
...יער „דיקטאטור" וועט דאן פארנעמען דעם שענסטען פלאץ.
פארוואס געג. בוכוואלד האלט די סענט־לואיס'ער קאנ־
...ענשאן רעוואלוציאנערער ווי די, איז אסור אויב איך וויים.
...„דיקטאטור" האט דאך דעמאלט גאר ניט עקזיסטירט. אי
...אס, די קאנוועגשאן האט זיך ארויסגעזאגט געגען מלחמה —
...אט דאך די יעצטיגע דעקלארייטאן אויף א פאראגראף, וואס
...אגט זיך ארויס זעהר שטארק געגען מלחמות. פארוואס זשע,
...רעגט זיך, האט איהר, געג. בוכוואלד, געווארפען אזא אומ־חן
...ויף דער לעצטער קאנוועגשאן ? אך, די „קללה פון ווארט" !
אבער די שטארקסטע באמבע האט בוכוואלד פאר אונז
...יים שלום. „און טאמער וועלען נאך בלייבען אזוינע וואס ווע־
...ען צווייפלען אין דער כשר'קייט פון דער סאציאליסטישער
...ארטיי, האט די קאנוועגשאן ערקלערט אויסדריקליך אז זי איז
...ל ע ג א ל ע פּארטיי, וועלכע זוכט צו דערגרייכען איהר
...יעל דורך בלויז קאנסטיטוציאנעלע מיטלען..."
...ון ער באשולדיגט די קאנוועגשאן, אז זי וויל דערמיט מאַ־
...ען א רעקלאמע פאר ניט־סאציאליסטען.
אך, ווי מען קען פארבלענדעט ווערען, היפּנאטיזירט ווע־
...ען פון דעם „קללה־ווארט" ; ווי ריכטיג עס איז געג. בוכוואלד'ס
...נטדעקונג ! ער האט בלויז ניט דערזאגט א פּאאר ווערטער.
...אס ווי די קאנוועגשאן האט זיך ארויסגעזאגט : „די סאציא־
...יסטען זוכען צו פארווירקליכען זייער אידעאל דורך געזעצליכע

און קאנסטיטוציאנעלע מעטהאדען, א ז ו י ל א נ ג ו ו י
ד ע ר ב א ל א ט ב א ק ס, די ר ע כ ט פ ו ן ר ע־
פ ר ע ז ע נ ט א צ י א ן און ב י ר ג ע ר ל י כ ע פ ר י י־
ה י י ט ז י י נ ע ן א ו ו י ר ק ל י כ ק י י ט".
א ז ו י ל א נ ג. איהר הערט געג. בוכוואלד ? איך
האף, אז אפילו אין אייער היפּנאטיזירטען צושטאנד וועט
איהר צוגעבען, „אז אזוי לאנג ווי א. ז. וו." וואלט געווען א שטיק
אידיאטסטווע צו ווערען אן אונטערערדישע „רעוואלוציאנערע"
פארטיי און פאבריצירען דיקטאטור. אין אלגעמיין דארף מען
זאגען, אז דאס ווארט „רעוואלוציאנער" ווערט שלעכט פארשטא־
נען. נאר דאס איז שוין א טעמא פאר א באזונדער ארטיקעל.
צום שלום וועל איך ברייגען די מיינונג פון דעם סאמע
באשאפער פון „דיקטאטור", פון לענין, ווי דאס איז איבערגעגע־
בען פון דזשארדזש לאנסבורי, דעם רעדאקטאר פון לאנדאנער
„דעילי הערלד", וועלכער האט געהאט מיט לענינ'ען א גע־
שפרעך וועגען דער ענגלישער ארבייטער־באוועגונג.
„אלע סאציאליסטען און קאמוניסטען — האט לענין גע־
זאגט — דארפען פארנעמען דעם אויבען־אן אין די טרייד־יו־
ניאנס, מוניציפּאליטעטען, קאאפּעראטיווען און פּארלאמענטען,
און דורך זיי אויסנוצען יעדען מיטעל אז סאציאליזם זאל טרי־
אומפירען..."

ווי איהר זעהט, געג. בוכוואלד, האלט לענין פון א באלאט
באקס, פון א פּארלאמענט ; און לענין, וועט איהר דאך מודה
זיין, איז א סאציאליסט. איהם האט אבער, ווייזט אויס, די
קללה פון ווארט ניט געשאדט.

# דער געשעפטסמאן

(עמיזד)

משה קארמאן :

ער איז געזעסען ביים פענסטער און געקוקט ארויס אויפ'ן
...אס. עס איז געוועזען א שעהנער הערבסטיגער פארנאכט צווי־
...שען בין השמשות. דער פייער־רויטער הימעל וואס איז גע־
...האנגען אין ווייטען האריזאנט האט איהם געמאכט דערמאנען
...יך אין פערשיעדענע קינדהייטס עראינערונגען. ער דערמאנט
...יך ווי ער פלעגט אמאל, מיט נאך קינדער־חברים, קוקען אויף
...אזא הימעל מיט טיעפען רחמנות אויף די רשעים וואס מוזען
...יך איצט דארט ברענען און בראטען, פּרעגלען זיך אין א
...פייער פון זייער אייגען האלץ וואס זיי האבען ביימאג אנגע־
...קליבען ערגעץ אין די טיעפע וועלדער, און מיט'ן האלץ אויף
...זייערע פּלייצעס צוריק ארויף אין הימעל ארײן... און אזוי
...טראכטענדיג האבען איהם זיינע געדאנקען פארטראגען ווייט
...צוריק צו זיינע קינדער־יאהרען, און אין זיין זכרון האבען גע־
...נומען אויפגעהן פארשיידענע בילדער פון זיין קינדהייט, וועל־
...כע האבען איהם שוין ווייט, ווייט פארלאזען, און ער האט
...זיי שוין לאנג נעהאט פארגעסען, זייענדיג פארטאן אין געשעפ־
...טען.
א פייפען פון די פאבריקען, וואס געפינען זיך אין שטעד־
...טעל, האבען איהם איבערגעריסען זיינע געדאנקען. עס האבען
...זיך גענומען באווייזען דורכ'ן גאס מחנות ארבייטער מיט בלייי־
...כע, איינגעריכטע פנים'ער, מיט זייערע אפּגעטראגענע רעקלעך
...און אפּגעבליאקעוועטע הויזען. אויפ'ן ראג גאס האבען זיך אפּ־
...געשטעלט א גרופּע פון זיי, וואו זיי האבען עפּעס געשמועסט
...און זיך און דערביי האבען זיי געמאכט פארשיעדענע באַ־
...וועגונגען מיט די הענט.
איהם האט זיך געדוכט אז ער ווייס פון וואס זיי ריידען...
...פאר וואס זאל ער עפּעס ניט וויסען ?... וואס, ער איז דען
...אליין ניט געווען אמאל אן ארבייטער ? — און ער נעהמט זיך
...צייגען זיינע הענט פאר זיך אליין, אויף וועלכע עס ליגט נאך
...דער שטעמפּעל פון אמאליגער ארבייט און ער רעדט צו זיך
...אליין א שטייגער ווי זיינע הענט וואלטען געווען עמיצענס און
...ער אליין וואלט אויך געווען עמיץ אנדערש...
— א, קוק ווי איך האב געארבייט !... און ער פיהלט
...שעת מעשה ווי א היסצוגעהן צו די וואס שטעהען אויפ'ן ראג
...גאס מיט די אפּגעטראגענע רעקלעך און אפּגעבליאקעוועטע הוי־

זען און העלפען פערפיהרען מיט זיי דעם שמועס און זאגען צו
זיי ;
— חברים, איך בין מיט אייך ! איהר האט אין מיר
א פריינד ! ניט קוקט אויף דעם וואס איך בין איצט ניט מעהר
קיין ארבייטער און לעב פון געשעפטען...נאר עפּעס ווייס ער
ניט, עפּעס דוכט זיך איהם אלע מאל אויס, אז אלע וואס בע־
געגענען איהם קוקען אויף איהם מיט א פארוואורף... יא, היינט
ביימאג ערשט האט איהם איינער אפּגעשטעלט אויפ'ן גאס
און א פרעג געטאן : „נו, ווי געהען עפּעס די געשעפטען ?... און
ער קאן שווערען אז ער האט געזעהען ווי יענער חוזק'ט און
שעפטשעט אין זיך : „א געשעפטסמאן געווארען, א ספּעקולאַ־
טאר, חי־חי־חי..."
— שא, איינגענטליך — טראכט ער — וואס איז דען ?
ס'איז א מצוה אז מען געהט ארבייטען צו יענעם און מען ווערט
פון יענעם עקספּלואטירט ? וואו שטעהט דען דאס געשריבען ?
נאר גאר גישט, ער ווייס שוין : ס'איז ניט מעהר ווי קנאה, מען
קאן ניט זעהן ווי איינער ארבייט זיך ארויף, ווי מען זאגט אין
אמעריקא. ווארים ווער — טראכט ער — וואלט דאס ניט
געוואלט זיך ארויפארבייטען ? אט ווייס ער דאך אליין פון
פיעל גרויסע סאציאליסטען אפילו וואס זיינען גרויסע גע־
שעפטסמענער... אט וואלט ער געמאכט א ו ו ע ט, שוין
איצטער אין 10 דאלאר, אז ווען א שטייגער מען זאל אפּשאפען
די ארבייט — ארבייט זאל אויפהערען צו עקזיסטירען אויף
דער וועלט אין גאנצען און דאס גאנצע לעבען ארום זאל זיך
נאר דרעהען מיט געשעפטען, אפילו אין די פאבריקען אריין
טאג־טעגליך זאל מען נאר געהן אום צו מאכען דארטען גע־
שעפטען, וועט זיך דער פראגרעס און אפילו הער סאציאליזם
ניט אפּשטעלען... נאר וואס דען, מיר, מיר די געשעפטסלייט
וועלען מוזען זיין פון דעם אלעם די פאהנען־טרעגער...
— וואס געהסטו ניט אריין עסען ? די קאטשקע שטעהט
שוין אויפ'ן טיש א געבראטענע — האט איהם א פרויען־שטימע
איבערגעריסען פון זיינע הערליכע, גרויסע פאנטאזיעס...
— ביזט גערעכט, מיין ווייבעל — האט ער זיך א כאפּ
געטאן — ביזנעס איז בעפּאר פלעזשור !..
און ער איז אריינגעגאנגען אין דעם רייך־סערווירטען צי־
מער...

נח שטיינבערג:

# דער שרייבער

אזוי ווי אין לעבען האט מען זיך ליעב איינגעצוירעדען אז דער מאנגעל איז א טוגענד, אזוי אויך אין דער ליטעראטור.

מען האט זיך ביי אונז איינגערעדט, אז דער שרייבער מיט'ן לעזער האבען קיין געמיינשאפטליכעס, און זיי דארפען ניט האבען קיין באציהונגען.

אויב דאס איז ווירקליך אזוי, איז נישט אזא גליק ווי מען מיינט. ביי אונז וואלט געווען פיעל בעסער אז דער שרייבער מיט'ן לעזער זאלען יא האבען באציהונגען.

אמת, דער ערשטער לעזער פאר'ן שרייבער — איז דער שרייבער אליין. צוערשט דארף דאס געשריבענע געפעלען דעם שרייבער. אין דער צייט פון שאפען איז דער קינסטלער זיין אייגענער אוידיענץ און זיין אייגענער קריטיקער. דער קינסטלער דארף אין דער צייט פון שאפען קיינעם ניט אין זינען האבען, נאר זיין ווערק. ווען די ארבייט איז פארטיג דארף קומען דער לעזער און אנקלאפען אין טיר און זאגען: איך וויל זעהן דיין ווערק. און דער קינסטלער דארף דעמאלט אויפעפענען די טיר, אננעמען דעם לעזער ביי דער האנד, איהם צופיהרען און ווייזען וואס ער האט געשאפען. ווייל ווען דאס ווערק איז פארענדיגט, געהערט עס צום לעזער. דער לעזער דערגענצט די ליטעראטור, דערגענצט דאס ווערק אין דעם אלגעמיינעם לעבען.

וואס איז א ליטעראטור אהן לעזער? אזא ליטעראטור איז פונדאמענטלאז. א ליטעראטור דארף ארום זיך באשאפען א ליטעראריש געשטימטע געזעלשאפט, וואס זאל איהם אלעמאל צוגעבען נייע הויט און ביינער, און פלייש און בלוט, אז ניט איז זי גארנישט. א שרייבער קען זיך אויפשרייבען ווי פיעל ווערק ער קאן, אבער דערפון ווערט נישט קיין ליטעראטור... א ליטעראטור איז נישט דאס איזאלירטע בוך, אדער אפילו ביכער. מען קען האבען ביכער און עס זאל נישט זיין קיין ליטעראטור. אן אמת'ע לעבעדיגע ליטעראטור קען נישט באשטעהן פון אפגעריסענע, אבגעזונדערטע שטיקער און ברעקלעך; זי מוז זיין א גאנצער פונקציאנירענדער ארגאניזם. דער שרייבער איז די נשמה פון דעם ארגאניזם. עס דארף אבער אויך זיין א קערפער. א נשמה אהן א קערפער קען נישט געזעהען ווערען און נישט געהערט ווערען, און איז דערפאר, אין א געוויסען זין, טויט.

דער אידישער שרייבער טאר ניט זיין קיין איזאלירטער. ער זאל זיך דאס ניט ערלויבען. ער דארף זיך באהעפטען מיט דער געזעלשאפט, מיט דעם לעזער. אויף דער צייטונגס־בערזע איז דאס ווארט „לעזער" געווארען א געשעפטס־סוביעקט. אבער דער שריפטשטעלער דארף דעם לעזער נעמען פיעל ערנסטער ווי מען האט דאס גענומען ביז איצט. מיר גויטיגען זיך אין טאלאנטפולע לעזער. דער צייטונגס־מארק האט ביז איצט דערצויגען וואולגארע לעזער, ווייל מען האט זיך ניט גערעכענט מיט דעם געשמאק, נאר מען האט זיך גערעכענט מיט פארלאנגען. אבער אום מיר זאלען האבען א ליטעראטור, דארפען מיר ענטוויקלען לעזער מיט געשמאק און פיינקייט, זיי זאלען קענען געהן מיט די שרייבער.

דער אידישער שרייבער דארף ארויס פון זיין איינזאמען ווינקעל. עס דארף געשאפען ווערען א געזעלשאפטליכער אינטערעס ארום איהם. ביי לייטען איז דא אוניווערזיטעטען, אקאדעמיעס, געזעלשאפטען וואס גיבען פרייזען צו שרייבער וועלכע צייכענען זיך אויס מיט גוטע ווערק. וואו זיינען אונזערע אקאדעמיעס? וואו זיינען אונזערע ליטערארישע געזעלשאפטען?

א פאלק פון ספר! ווער קוקט זיך אום אויף אונזער ספר?

אז אונזער שרייבער שאפט א ווערק, שלאפט עס איין צוזאמען מיט דער רעצענזיע אין דער צייטונג.

דאס איז דערפאר ווייל מיר זיינען א פאלק וואס לעבט ניט נארמאל. ביי אנדערע פעלקער האט זיך דורך הונדערטער יאהרען ענטוויקעלט לעזער פאר זייערע ליטעראטורען. אבער וואס זיי האט גענומען הונדערטער יאהרען, האבען מיר דורכגעמאכט אין דער קורצער צייט פון איין מענשענס לעבען. די אידישע ליטעראטור האט נאך א לעבעדיגען זיידען. די הויפט ענטוויקלונג פון אונזער ליטעראטור איז כמעט אזוי אלט ווי ווינטשעווסקי. אמת, אידען האבען אלעמאל געפיהרט א טיעף גייסטיגעס לעבען, אבער זיי האבען געהאלפען ענטוויקלען אלע ליטעראטורען, נאר ניט זייער אייגענע. ביז'ן היינטיגען טאג פלאנטערט מען דעם אידישען לעזער צווישען צוויי שפראכען און מען צוטומעלט איהם. און וואס מעהר מען צוטומעלט איהם אלץ מעהר דערווייטערט ער זיך פון אונז. די מעהרסטע אידען ווייסען גאר ניט אז מיר האבען א ליטעראטור, און גלויבען ניט אפילו אז אידיש איז א שפראך.

אונטער אזעלכע אומגעבונגען קען א שרייבער ניט זיין אנטי־געזעלשאפטליך. יענע שרייבער קענען זיך פארגינען דעם לוקסוס און אנטלויפען פון דער געזעלשאפט, וואו די געזעלשאפט שפאנירט זיי נאך און היט זייערע טריט; אבער א ליטעראטור וואו קיינער קוקט זיך ניט אום אויף שרייבער, אין אזא ליטעראטור דארף דער שרייבער זיין געזעלשאפטליך. אויב ס'איז נאך נישטא קיין געזעלשאפט, דארף ער זי באשאפען.

צו שאפען אזא געזעלשאפט איז אזוי וויכטיג ווי צו שאפען ביכער. ביכער האבען מיר דערווייל א געוויסע צאהל, און מיר קענען האבען מעהר. אבער מענשען וואס זאלען זיך מיט זיי אינטערעסירען האבען מיר ווייניג, פארשאלטען ווייניג!..

מיר מוזען האבען א ליטערארישע געזעלשאפט. דורך דעם וואס מיר האבען נישט קיין ליטעראריש געשטימטע געזעלשאפט, איז דאס אידיש ווארט אזוי פארביליגט געווארען, אזוי פארדאלערט געווארען, און דער בוך איז עלענד...

מיר וועלען נישט האבען קיין אמת'ע ליטעראטור ביז וואנען מיר וועלען נישט באשאפען א ליטעראריש לעבען ארום דער ליטעראטור.

די אידישע שרייבער דארפען זיך פאראייניגען און צוזאמען באשאפען א ליטערארישע געזעלשאפט, וואס זאל פאראינטערעסירען די לעזער אין אונזער ליטעראטור, און ארייננברענגען וויטאליטעט אין אונזער גייסטיגען לעבען.

מיר, דער נייער דור שרייבער, דארפען זיך אנשטרענגען און שאפען א בריק צום כלל. דער כלל זאל קענען קומען צו אונז און מיר זאלען קענען געהן צום כלל. ווען די ענטוויקלונג פון אונזער גייסטיגער וועלט וואלט געגאנגען נארמאל, וואלט שוין געווען פאר אונז אזא בריק פריהער, אבער אזוי מוזען מיר די בריק אליין מאכען. מאטעריאלען זיינען דא. ארבייטער אויך. מען דארף נאר די אינזשינירען זאלען זיך נעמען צו דער ארבייט.

---

יהושע פינקעל:

# אין בארוישונג.

מיין לידען, מיין ערגער
ביי דיר אויף די ברוסטען
אין זארגלאזע טייכען צערינען,
פארוויגסט מיך מיט טויזענד
באהאלטענע לוסטען, —
כ'האב אלץ און כ'האב גארנישט אין זינען.
איך טרוים — ביסט א קוואל אין
א מדבר א פוסטען
און כ'שפיגעל מיין פנים דערינען;
איך טרוים — כ'ליעג אויף בערג אין
א לאנד אומבאוואוסטען:
דארט וועל איך מיין אפרוה געפינען.

# די לעצטע רעוואָלוציע אין מעקסיקאָ

פון נ. בוכוואַלד

צו רעוואָלוציעס אין מעקסיקאָ איז שוין דער עולם צוגעוואוינט ווי צו פּאָגראָמען אין אוקראַינע און פּוילען, אָדער ווי צו אַנטי־סטרייק אינדזשאָנקשאָנס אין אַמעריקע. ס'איז אַ געהעריגע ערשיינונג, אַ נאַטירליכער צושטאַנד. פאַר די לעצטע צעהן יאָהר זיינען אין מעקסיקאָ פאָרגעקומען פיעלע רעוואָלוציעס; פאַר די לעצטע צעהן יאָהר האָבען אין מעקסיקאָ ניט אויפגעהערט קיין רעוואָלוציעס. מאַ וואָס־זשע איז דאָס פאַר אַ נייעס, אַז ס'איז פאָרגעקומען נאָך אַ רעוואָלוציע? ווי קען עס דען זיין אַנדערש?

דאָס איז די אַלגעמיינע שטימונג. איך זאָג ש ט י מ ו נ ג, ווייל קיין מ י י נ ו נ ג וועגען מעקסיקאָ האָט דער דורכשניטליכער צייטונגס־לעזער נישט; ער האָט בלויז איינדריקע, וועלכע ער באַקומט מעהרסטענטיילס פון די קעפּלעך אין די צייטונגען. נאָכמעהר, דער דורכשניטליכער אַמעריקאַנער איינוואוינער קען נישט האָבען קיין קלאָרען באַגריף וועגען מעקסיקאַנער אַנגעלעגענהייטען, פּונקט ווי ער קאָן ניט האָבען קיין קלאָרען באַגריף וועגען דער ווירקליכקייט אין סאָוועט רוסלאַנד, ווייל ביידע געגענשטאַנדען ווערען אין די מעהרסטע צייטונגען באַריכטעט און באַלויכטען פאַר דעם צוועק פון פּראָפּאַגאַנדאַ. מעקסיקאָ איז דער טומוועהיגער פּונקט פון אַמעריקאַנעם קאַפּיטאַליזם, פּונקט ווי סאָוועט רוסלאַנד איז דער טומוועהיגער פּונקט פון דעם אַלוועלטליכען קאַפּיטאַליזם, כאָטש דער וועהטאָג איז נישט דער זעלבער אין ביידע פאַלען.

צי די לעצטע מעקסיקאַנער רעוואָלוציע וועט אין דער געשיכטע פאַרצייכענט ווערען אַלס דער לעצטער אַקט פון דער רעוואָלוציאָנערער פּעריאָדע אין מעקסיקאָ, אָדער בלויז אַלס איינער פון איהרע עפּיזאָדען, איז שווער צו בעשטימען. דער מיליטערישער שטאַאַטס־שטרייך געגען דער קאַראַנזאַ רעגירונג איז געווען אַן ערפאָלג, אָבער די פּאָליטיק פון דער נייער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג האָט נאָך קיין צייט ניט געהאַט זיך פאַנאַנדערצואוויקלען.

די בולט'ע פּונקטען אין דער לעצטער איבערקערעניש זיינען די פאָלגענדע: גענעראַל אָברעגאָן, אַ געוועזענער מיטגליעד אין קאַראַנזאַ'ס קאַבינעט, האָט אויפגעהויבען אַ מרידה געגען קאַראַנזאַ, און צו איהם זיינען צוגעשטאַנען די אָנגעזעהענסטע רעוואָלוציאָנערע פיהרער — דע לאַ הוערטאַ, קאַיעיז, קאַריאַ, סאָטאָ אי גאַמאַ און מאַגאַניאַ. די אורזאַך פון דעם אויפשטאַנד איז געווען (אויב מען זאָל גלויבען די רעוואָלוציאָנערען) די אַלגעמיינע אונצופרידענהייט מיט דעם רעבאַש פון קאַראַנזאַ'ס מיליטערישען רעזשים, און באַזונדערס דער פאַקט, וואָס קאַראַנזאַ האָט געזוכט מיט גוואַלט אַרויפצוצווינגען אויף דעם מעקסיקאַנער פאָלק דעם געוועזענעם אַמבאַסאַדאָר אין וואַשינגטאָן, באָניליאַס, אַלס דעם נעקסטען פּרעזידענט פון דער מעקסיקאַנער רעפּובליק. לויט דער קאָנסטיטוציע האָט קאַראַנזאַ ניט געקאָנט „לויפען" פאַר אַ צווייטען טערמין, און ער האָט, הייסט עס, געזוכט אַרויפצוזעצען אויף זיין פּלאַץ אָט דעם באָניליאַס.

כדי צו פערזיכערען דעם ערפאָלג פון באָניליאַס, זאָל קאַראַנזאַ האָבען געצוואונגען מיט גוואַלד צו ערוועהלען זיינע קאַנדידאַטען אין אַ רייע מעקסיקאַנער שטאַאַטען (מעקסיקאָ איז פּאָליטיש איינגעטיילט אין אומאָפּהענגיגע שטאַאַטען, פּונקט ווי די פאַראייניגטע שטאַאַטען. דער אָפיציעלער נאָמען פון דער מעקסיקאַנער רעפּובליק איז אויך „די פאַראייניגטע שטאַאַטען פון מעקסיקאָ"). ער האָט אויך געפּרואווט דאָס צו טאָן אין דעם שטאַאַט סאָנאָראַ, פון וואַנען אָברעגאָן איז אַ לאַנדסמאַן. האָט דאָס אָברעגאָנ'ען, הייסט עס, שטאַרק פאַרדראָסען, און ער האָט אויפגעהויבען אַ רעוואָלוציע געגען דעם טיראַן קאַראַנזאַ. מיט דער הילף פון די פערשיעדענע רעוואָלוציאָנערע עלעמענטען, צווישען זיי די זאַפּאַטאַ נאָכפאָלגער, האָט אָברעגאָן באַזיעגט די אַרמעען פון קאַראַנזאַ, און קאַראַנזאַ, מיט אַ הויפען לאָיאַלע נאָכפאָלגער, איז אַנטלאָפען אין די בערג. דאָרטען איז ער ערמאָרדעט געוואָרען מאַקע פון איינעם פון דיעזע נאָכפאָלגער, און מיט דעם האָט זיך פאַרענדיגט דער קאַראַנזאַ קאַפּיטעל פון דער מעקסיקאַנער רעוואָלוציע. דע לאַ הוערטאַ איז ערקלערט געוואָרען פאַר פּראָוויזאָרישען פּרעזידענט פון מעקסיקאָ ביז די קומענדע וואַהלען, וועלכע דאַרפען פאָרקומען אין עטליכע וואָכען אַרום.

אַז די קומענדע וואַהלען האָבען אַ שייכות צו דער נייער רעוואָלוציע — אין דעם איז קיין צווייפעל ניט. אַז אָברעגאָן איז איינער פון די שטאַרקסטע קאַנדידאַטען איז אויך זיכער. מען קען אויך צוגעבען, אַז קאַראַנזאַ'ס רעזשים האָט ביי די מעקסיקאַנער ניט שטאַרק אויסגענומען. אָבער צי די נייע פיהרער זיינען אמת'ע רעוואָלוציאָנערען צי בלויז פּאָליטישע אַוואַנטוריסטען — דאָס בלייבט צו זעהן.

קאַראַנזאַ'ס רעזשים איז געווען מערקווירדיג אין פיעלע פּרטים. טעאָרעטיש איז דאָס געווען דער בעסטער, פּראָגרעסיווסטער, דעמאָקראַטישסטער רעזשים וואָס אַ קאַפּיטאַליסטיש לאַנד האָט ווען עס איז געהאַט. די קאָנסטיטוציע פון מעקסיקאָ, פאַרפאַסט פון קאַראַנזאַ, איז געווען אַ מוסטער פון דעם אויפגעקלערטען קאַפּיטאַליזם. צו די מעקסיקאַנער האָט די קאָנסטיטוציע אַפּעלירט בעזונדערס דערמיט, וואָס זי האָט פאַרצאַהמט דעם וועג פאַר די אויסלענדישע קאַפּיטאַליסטען, מעהרסטענס אַמעריקאַנער, אויף ווייטער צו באַרויבען מעקסיקאָ פון איהרע אונגעהויערע נאַטור־רייכטימער, איהרע אומערשעפּליכע אויל־קוואַלען, מעטאַלען, לאַנד פּראָדוקטען א. ז. וו. די קאָנסטיטוציע האָט געמאַכט מעקסיקאָ פאַר דאָס לאַנד פון און פאַר די מעקסיקאַנער. דער באַריהמטער אַרטיקעל 27 האָט ערקלערט די גאַנצע טעריטאָריע און די נאַטור־רייכטימער אין די גרענעצען פון מעקסיקאָ פאַר נאַציאָנאַלען אייגענטום. אויסלענדישע קאַפּיטאַליסטען האָבען געקאָנט באַקומען קאָנצעסיעס בלויז מיט דער צושטימונג און אויף די באַדינגונגען פון דער רעגירונג.

קאַראַנזאַ'ס קאָנסטיטוציע פאַרקערפּערט אין זיך ניט נאָר די הויפּט פּרינציפּען פון די פּאָליטישע און יורידישע פאָרמען, נאָר אויך, און הויפּטזעכליך, די גרונטפאָרמע עקאָנאָמישע רעפאָרמען. די אַגראַרע פראַגע און די אַרבייטער פראַגע זיינען געלייזט געוואָרען אין דער קאָנסטיטוציע גופא, ד. ה. איינמאָל פאַר אַלע מאָל. די מעקסיקאַנער פּויערען, די פּעאָנען, האָבען, לויט דער קאָנסטיטוציע, געדאַרפט באַקומען ערד אויף דעם חשבון פון די אייגענטימער פון די גרויסע מאַיאָנטקעס. די לעצטע האָט די רעגירונג צו יעדער צייט באַקומען אַ רעכט אַוועקצונעמען פאַר די פּעאָנען, וואָס נויטיגען זיך אין לאַנד. די אַרבייטער געזעצען, איינקאָרפּאָרירט אין קאַראַנזאַ'ס קאָנסטיטוציע, זיינען די פּראָגרעסיווסטע אין דער בורזשואַזנער וועלט. די קאָנסטיטוציע האָט אויך אַוועקגענומען ביי די קירכען און מיסיאָנערען־געזעלשאַפטען זייער אייגענטום און אַלע זייערע פּריווילעגיעס, און האָט אַזוי אַרום באַפרייט דאָס פאָלק פון דער שוואַרצער הערשאַפט פון דער קאַטוילישער קירכע. אַלגעמיינע בילדונג, אינדוסטריעלע ענטוויקלונג — קיין זאַך האָט קאַראַנזאַ נישט פאַרפעהלט צוצוזאָגען.

אַז דער רעזשים פון קאַראַנזאַ איז געווען אַן ענטטוישונג פאַר דעם פאָלק — דאָס איז אַלעמען באַוואוסט. אַז די קאָנסטיטוציע איז אין די וויכטיגסטע פּונקטען נישט דורכגעפיהרט געוואָרען אויף אַ צופרידענשטעלענדען אופן און אין פיעלע פּונקטען גאָרניט — דאָס איז אויך אַ פאַקט. אָבער די איצטיגע רעוואָלוציאָנערען דערצעהלען אונז, אַז קאַראַנזאַ'ס רעזשים איז געווען דער שוואַרצעסטער, דער ברוטאַלסטער אין דער געשיכטע פון מעקסיקאָ, אַ רעזשים פון טעראָר, גרויזאַמקייט און הפקר, וואָס איבערשטייגט אין דעם דאָזיגען די דרייסיג־יעהריגע פּעריאָדע פון דער טיראַניי פון פּאָרפיריאָ דיאַז. פון די אַגראַרע רעפאָרמען האָט זיך אויסגעלאָזט גאָרנישט. די פּעאָנען זיינען געבליבען אָהן לאַנד און אין דער זעלביגער שקלאַפעריי ווי פריהער. פון די אַרבייטער געזעצען איז קיין סימן נישט געבליבען. פאַרקערט, די רעגירונגס־סאָלדאַטען האָבען דערטרונקען אין בלוט יעדען וויכטיגען סטרייק, כאָטש דאָס רעכט צו סטרייקען

איז אויסדריקליך גאראנטירט אין דער קאנסטיטוציע. ארטיקעל 27 איז אפגעהיט געווארען אויף אזוי פיעל, אויף וויפיעל קאראנזא האט פיינט געהאט אמעריקא און די אמעריקאנער, און האט געזוכט מיט אלע מעגליכקייטען זיי צו שטערען און בעליידיגען. די דאזיגע פאליטיק זייגע האט געבראכט מעקסיקא אויף דעם שוועל פון א מלחמה מיט אמעריקא — א מלחמה, אין וועלכער דער שיקזאל פון מעקסיקא איז פארזיגעלט.

אזוי זאגען די רעוואלוציאנערען. און מען מוז צוגעבען, אז זיי זיינען אין פיעלע זאכען גערעכט, הגם זיי איבערטרייבען די שוידערליכקייטען פון קאראנזא׳ס רעזשים און ווארפען א צו שווארצען שאטען אויף דעם פיהרער פון די קאנסטיטוציאנאליסטען. שוין דער פאקט אליין, וואס די אמעריקאנער רעגירונג, אין איינקלאנג מיט די אמעריקאנער אויל־מאגנאטען און אנדערע אימפעריאליסטישע באנדעס, האבען געהאלטען אין איין שיטען פעך און שוועבעל אויף קאראנזא דעם רעוואלוציאנער, קאראנזא דעם „באלשעוויק“, קאראנזא דעם קאנפיסקאטאר פון פריוואט אייגענטום, קאראנזא דעם פיינט פון רעליגיאן — דאס אליין, וואס די אימפעריאליסטען איז קאראנזא ניט געווען קיין „פערסאנא גראטא“, מעג אנגענומען ווערען אלס אן אינדירעקטער באווייז, אז ער איז געווען ערנסט און האט פארפאלגט ניט בלויז פערזענליכע צוועקען.

די נייע פיהרער האבען אלע מעהר אדער ווייניגער ריינע רעפוטאציעס. קאיעז איז א ראדיקאלער ארבייטער־פיהרער.

קארילא איז דער פיהרער פון דער בארימטער „ווידערשטאנדס־ליעג“ פון יוקאטאן, א האלב־סאציאליסטישען שטאאט פון מעקסיקא. אברעגאן איז א מיטגליד פון דער יוקאטאנער סאציאליסטישער פארטיי (נישט קיין אויסגעשפראכען־סאציאליסטישע ארגאניזאציע) און וואס מען רופט א פאלקס־פריינד. הינטער די דאזיגע פיהרער שטעהען די קלענערע רעוואלוציאנערע פערזענליכקייטען, און אלע האבען דעם צוטרויען פון די מאסען, די אגרארע רעפארמס הויבען שוין אן דורכגעפיהרט צו ווערען, און עס באקומט זיך דער איינדרוק, אז די רעוואלוציאנערען מיינען עס גאנץ ערנסט מיט זייער רעוואלוציאנערקייט. אבער... די וואהלען דארפען ערשט פארקומען און מען דארף דעם עולם פארגיטיגען.

די נייע רעגירונג האט ערקלערט, אז זי וועט אפהיטען דאס אייגענטום פון פרעמדע בירגער, אין אנדערע ווערטער — ענדערען די נאציאנאליסטישע, אנטי־אמעריקאנער פאליטיק פון קאראנזא. דאס, נאך מיין מיינונג, איז דער פראביר־שטיין פון יעדער מעקסיקאנער רעגירונג, און אויך פון דער איצטיגער; דאס, נאך מיין מיינונג, איז גענוג צו ווארפען א חשד אויף די רעוואלוציאנערען, זייער ערנסטקייט, זייערע אבזיכטען.

אויב די נייע רעגירונג וועט זיין אנגענעמבאר פאר אמעריקאנער אימפעריאליסטען (וואס עס איז נאך דערווייל ניט באשטימט), וועט זי נישט זיין די רעגירונג פון און פאר די מעקסיקאנער. און דאס בלייבט צו זעהן.

# אידעאַליזם אָדער עקאָנאָמישע אינטערעסען?

פון עקיבא ברוידעס

די פריינד פון דער רוסישער סאוועטען רעגירונג פיהלען זיך זעהר שטארק באליידיגט און געקרענקט ווען די קאפיטאליסטישע פרעסע באשולדיגט די באלשעוויקעס, אז זיי האבען „אימפעריאליסטישע“ שטרעבונגען, אבער אין דער זעלבער צייט אפלאדירען זיי יעדען נצחון פון דער רויטער ארמיי אפילו ווען דאס קומט פאר ניט אויף דעם רוסישען באדען. ווען די רוסישע ארמיי האט גענומען באקו און האט נאכהער פארכאפט די פערסישע האפען־שטאדט ענזעל, איז געווען גאנץ נאטירליך, אז די פריינדליכע צייטונגען זאלען אויפהייבען א ויצעקו, אז די באלשעוויקעס אונטערדריקען קליינע, שוואכע פעלקער, אבער אויך סאוועטען־פריינדליכע צייטונגען האבען זיך ניט אפגעזאגט פון דעם פארגעניגען צו סטראשען די בורזשואזע וועלט, אז אט־אט וועט די רויטע ארמיי אנפאנגען א זיעגרייכען מארש נאך אינדיען און צוברעקלען די ענגלישע אימפעריע. גאנץ גוטע סאציאליסטען האבען מיט שמחה און מיט א נאאיווען גלויבען אויפגענומען די נייעס, אז די באלשעוויקעס זיינען שוין אין טעהעראן, אין דער סאמע הויפטשטאדט פון פערסיען און האבען זיך נעפיהלט אביסעל אנטוישט ווען די ידיעה האט זיך ארויסגעצייגט אלס ניט אמת.

כמעט דאס זעלבע איז פארגעקומען ווען גרעגארי קראסין, דער הויפט פון דער רוסישער האנדעלס דעלעגאציע אין לאנדאן, האט געפונען פאר נויטיג צו דערמאנען לאיד דזשארדזש׳ן, אז רוסלאנד קען האבען א תביעה אויף קאנסטאנטינאפאל און אויף די דארדאנעלען. איין צד האט זיך געקאכט, אז דאס איז געגען די פרינציפען פון זעלבסטבאשטימונג און ביים צווייטען צד האט זיך פאנאנדערגעשפיעלט די פאנטאזיע וועגען דער פארשפרייטונג פון דער סאציאליסטישער מאכט איבער די פעלקער פון קליין אזיע, הגם טיעף אין הארצען האט מען זיך דאך אביסעלע נעשעמט מיט דער גאנצער געשיכטע. דאס איז ווירקליך צופיעל ענהליך צו דער אלטער, אלטער פאליטיק פון נעמען און געבען, פון טיילען זיך מיט דער וועלט.

איבעראויף זיינען טאקע א סך זאכען ניט גאר קלאר און פארשטענדליך אין דער פאליטיק פון דער סאוועטען רעגירונג. באקו איז ניט מעהר קיין רוסישע שטאדט אידער ווילנא אדער רשועל, דאך האט מאסקווע געפונען פאר נויטיג אנצופרעגען זיך ביי דער בורזשואזער ליטווישער רעגירונג אויב יענע וועט ניט האבען קיין טענות ווען די סאוועטען ארמיי וועט דורכגעהן ווילנא אין איהר קאמף געגען פוילען, אבער וועגען פארכאפען באקו האט זי ביי קיינעם קיינע שאלות ניט געפרעגט. די קאפיטאליסטישע עסטאנישע רעגירונג האט באקומען א טייל פון דעם רוסישען מלוכה־אוצר פון גאלד, מיט דער ראדיקאלער רעגירונג פון אזערבייזשאן האט די סאוועטען מאכט אפילו ניט פארהאנדעלט וועגען אזעלכע זאכען און האט זי פשוט פארטריבען. צו באזיעגען עסטאניען איז פאר רוסלאנד זיכער ניט שווערער און וואלט ניט געפאדערט מעהר אנשטרענגונגען און קרבנות אידער דער קאמף אין קאווקאז, דאך הערט דער קאמף צווישען דעם קאספישען און שווארצען ים ניט אויף אין דערזעלבער צייט איז עסטאניען שוין לאנג אנערקענט פון דער מאסקווער רעגירונג אלס א זעלבסשטענדיגע „סאווערענע“ מאכט. דאס שיינט צו זיין א ווידערשפרוך בלויז ביז מען באקאנט זיך גענויער מיט דער עקאנאמישער לאגע און די עקאנאמישע נויטען פון דער סאציאליסטישער רוסלאנד.

די פרעסע האט די לעצטע צייט פיעל געהאט צו זאגען וועגען דער „אויל פאליטיק“ פון דער ענגלישער רעגירונג, וועגען דער שטרעבונג פון די גרויסמעכטע צו פארכאפען די אויל־קוואלען פון דער וועלט. די זעלבע אייל גיט א ריכטיגע ערקלערונג פון דער פאליטיק פון דער סאוועטען רעפובליק, הגם עס איז נאטירליך דא א פרינציפיעלער אונטערשייד צווישען די קאפיטאליסטישע שטרעבונגען פון ענגלאנד, פראנקרייך און אמעריקא און די שטרעבונגען פון דער סאציאליסטישער רעגירונג אין מאסקווע. אויסער אייל מוז מען אויך פארשטעהן די וויכטיגקייט פון קויהלען אין דער דאזיגער פאליטיק.

רוסלאנד, לויט איהר גרויס, האט זעהר ווייניג אייזענבאהנען. דאס איז די הויפט אורזאכע פון דער שרעקליכער לאגע, אין וועלכער דאס לאנד געפינט זיך יעצט. די גרויסע רוסישע שטעדט ליידען הונגער ניט דערפאר, וואס אין לאנד איז בכלל ניטא גענוג ברויט, נאר צוליעב דעם וואס עס איז אוממעגליך מיט דער הילף פון די עקזיסטירענדע אייזענבאהנען צו בריינגען גענוג שפייז אין די שטעדט אריין, ספעציעל אין דער צייט ווען זיי מוזען געברויכט ווערען צו טראנספארטירען ארמייען צו די פראנטען, וואו די סאוועטען רעגירונג איז נאך געצוואונגען אנצופיהרען מלחמות. איידער די מלחמה האט זיך אנגעפאנגען פלעגט ארום פופציג פראצענט פון דעם טראנספארטירטען שפייז אין רוסלאנד געהן דורך די פיעל גרויסע רוסישע טייכען.

די וואָלגאַ, וועלכע שניידט דורך דאָס לאַנד אויף טויזענדע מיילען צווישען מזרח און מערב און צפון און דרום פלעגט אַלע יאָהר ראַטעווען פיעלע ברויטדאַרימע גובערניעס אין רוסלאַנד פון הונגער. אויף דער וואָלגאַ איז דאָ אַ גאַנץ גרויסער פלאָט פון פראַכט־שיפען פון דעם טראַנספּאָרט פון ברויט און געהילץ. ענדע דעם יאָהר 1918 האָט די סאָוועטען רעגירונג נאַציאָנאַליזירט דעם שיפען־טראַנספּאָרט אין לאַנד. די פריהערדיגע באַלעבאַטים פון די שיפען האָבען נבואה געזאָגט, אַז די באָלשעוויקעס וועלען מאַכען פון די שיפען אַ תל און דורך דעם רואינירען די אינדוסטריען אין די געגענדען וועלכע זיינען אָבהענגיג פון דעם וואַסער טראַנספּאָרט. די אינדוסטריען זיינען טאַקע מעהרסטענס רואינירט געוואָרען, אָבער ניט דורך דעם, וואָס די סאָוועטען רעגירונג האָט געמאַכט אַ תל פון די שיפען. די וואַסער טראַנספּאָרט און האַפען אַרבייטער אין רוסלאַנד האָבען גוט פאַרשטאַנען די וויכטיגקייט פון דעם פלאָט אויף דער וואָלגאַ פאַר דאָס לאַנד און האָבען נאָך אַזוי פריה ווי אין פעברואַר און מאַרטש 1919, איידער דער אייז צוגעהט אויף די רוסישע טייכען, אויסגעריינינט, אויסגעפּאַרירכט און פולשטענדיג צוגעגרייט די שיפען פאַר דעם זומער נאַוויגאַציע סעזאָן. די אַרבייטער האָבען דערביי פיעל געליטען פון הונגער, פון קעלט און פון קראַנקהייטען, דאָך האָבען זיי זייער אַרבייט אָפּגעטאָן ענערגיש און אין גוטער אָרדנונג. אָבער ווען עס איז געקומען די צייט מיט די שיפען צו באַנוצען זיך האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז פאַר אַכציג פּראָצענט פון זיי איז ניטאָ קיין אויל. באַקו, וואו עס זיינען די גרעסטע רוסישע אייל קוואַלען און וואו עס זיינען געווען הונדערטע מיליאָנען פודען זאַפּאַסען פון אויל, איז געווען אין די הענט פון ענגלאַנד, דאַן פאָרמעל האָט דאָרט עקזיסטירט אַ „זעלבסטבאַשטימטע" אַזערבייזשאַנישע רעפּובליק. כמעט אַלע שיפען אויף דער וואָלגאַ ווערען באַהייצט מיט אייל. מיט גרויס מיה איז געלונגען איבערצואַרבייטען אַ טייל פון די שיפען מען זאָל זיי קענען באַהייצען מיט האָלץ, אָבער דער נאַוויגאַציע סעזאָן איז דערווייל אַריבער און דורך דעם זיינען פיעלע אינדוסטריען אין דעם גרויסען וואָלגאַ באַזין רואינירט געוואָרען. אויסער דעם דוחק אין אויל האָט נאָך דאַמאָלס דעניקין געהערשט אין צאַריצין און געמאַכט אונמעגליך פאַרבינדונגען צווישען דעם אויבערשטען און דעם נידעריגערען טייל פון דעם טייך. דאָס האָט פאַראורזאַכט הונגער און מגפות אין פיעלע גובערניעס, וועלכע זיינען אָבהענגיג פון דער וואָלגאַ פאַר זייערע לעבענסמיטלען.

די סאָוועטען רעגירונג איז געווען ג ע צ ו ו א ו נ ג ע ן צו פיהרען אַן אַגרעסיווע פּאָליטיק געגען די „זעלבסטבאַשטימטע" מיט דער הילף פון ענגלאַנד, בורזשואַזע רעפּובליקלאַך פון קאַווקאַז. צו בלייבען אָהן דעם קאַווקאַזער אויל וואָלט געמיינט אַ זיכערער טויט פאַר דער ערשטער סאָציאַליסטישער רעפּובליק און פאַר די רוסישע אינדוסטריען אפילו אונטער אַ קאַפּיטאַליסטישער רעגירונג.

די רויטע אַרמיי איז יעצט אין באַקו און פיליכט שוין אויך אין באַטום, אָבער דאָס „פאַרכאַפּען" פון די קאַווקאַזישע אייל קוואַלען פון דער סאָוועטען רעגירונג האָט בעצם קיין עהנליכקייט ניט צו דער ווירקליך אימפּעריאַליסטישער פּאָליטיק פון ענגלאַנד אין דעם זעלבען געגענד, כאָטש פאָרמעל האָבען דאָרט עקזיסטירט אונטער דעם ענגלישען שוץ כלומרשט זעלבסשטענדיגע מלוכה'לאַך אַזערבייזשאַן, געאָרגיע, א. אַ. וו.

ענגלאַנד האָט אין באַקו באַשיצט די קאַפּיטאַליסטישע באַלעבאַטים פון די אויל קוואַלען, וועלכע זיינען דערצו מעהרסטענס אויסלענדער. די רוסישע סאָוועטען רעגירונג האָט גענומען אונטער איהר שוץ די אַרבייטער מאַסען פון די קאַווקאַזער שטעדט, וועלכע זיינען דאָרט דער גרעסטער טייל פון דער בעפעלקערונג. ז י י האָט זי געמאַכט פאַר די אמת'ע באַלעבאַטים פון די דאָרטיגע רייכע נאַטירליכע אוצרות. ענגלאַנד האָט באַשיצט די קאַפּיטאַליסטישע הערשער פון באַקו מיט דער הילף פון אַרבייטער, וועמען זי האָט ג ע צ ו ו א ו נ ג ע ן צו קעמפען פאַר פרעמדע אינטערעסען. רוסלאַנד האָט פאַרכאַפּט באַקו מיט דער הילף פון די אָרטיגע אַרבייטער, וועלכע האָבען פרייוויליג געקעמפט אונטער דער רויטער פאָהן פאַר דער עטאַבלירונג פון פּראָלעטאַרישע רעפּובליקען אויף דעם קאַווקאַז. ענגלאַנד האָט געהאַלטען באַקו אַלס אַ זיגערין; די סאָוועטען רעגירונג האַלט די זעלבע שטאָדט אַלס אַ ברידערליכע באַשיצערין פון דער אָרטיגער בעפעלקערונג.

רוסלאַנד האָט קיינמאָל ניט געטענקט צו פיהרען מלחמה געגען פערסיען, אָדער צו פאַרכאַפּען טעהעראַן. דאָס בעפרייען באַקו פון די ענגלענדער איז נאָך ניט געווען גענוג אום צו קענען זיך בענוצען מיט דעם דאָרטיגען אויל פאַר די רוסישע אינדוסטריען. דער איינציגער וועג ווי צו ברינגען דעם אויל אויף דער וואָלגאַ אונטער די יעצטיגע אומשטענדען אין רוסלאַנד איז דורך דעם קאַספּישען ים, וואָס ענגלאַנד האָט קאָנטראָלירט מיט דער הילף פון די רוסישע שיפען, וואָס דעניקין האָט פאַרכאַפּט. ענגלאַנד האָט זיי פאַרוואַנדעלט אין קריגסשיפען און זיך באַנוצט מיט דער פּערסישער שטאָט ענזעלי אַלס אַ האַפען פאַר זיי. מען האָט געמוזט אָפּריינינגען דעם קאַספּישען ים פון דער ע נ ג ל י ש ע ר געפאַהר און דערפאַר, און בלויז דערפאַר איז די סאָוועטען מאַכט אַריין אין ענזעלי און האָט דאָרט פאַרכאַפּט די רוסישע שיפען, וואָס ענגלאַנד האָט באַוואָפענט און האָט מיט זייער הילף ניט דערלאָזען, אַז רוסלאַנד זאָל זיך קענען בענוצען מיט דעם אויל פון באַקו.

ווי נאָר רוסלאַנד האָט באַקומען אַ מעגליכקייט פריי צו באַנוצען זיך מיט דעם קאַספּישען ים, איז די רויטע אַרמיי אַרויס פון דער פּערסישער שטאָדט. קיין טעהעראַן האָט זי זיך ק י י נ מ אָ ל ניט געקליבען צוגעהן.

דורך קאָנסטאַנטינאָפּאָל קאָנטראָלירט ענגלאַנד דעם שוואַרצען ים און דעם דורכגאַנג דורך די דאַרדאַנעלען. יענער דורכגאַנג איז פאַר די עקאָנאָמישע אינטערעסען פון סאָוועטען רוסלאַנד נאָך מעהר וויכטיג איידער דער קאַספּישער ים און די מאָסקווער רעגירונג וואָלט זיך זיכער ניט ענטזאָגט צו העלפען די מאַסען פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל צו עטאַבלירען אַ פרייע סאָוועטען רעפּובליק, וואָס וואָלט געוואָרען אַ פעדעראַטיווער טייל פון רוסלאַנד. דאָס האָט מיט דעם פאַרשפּרייטען פון דעם סאָציאַליזם אין קליין אזיען גאָר ניט צו טאָן. די קאַפּיטאַליסטישע לענדער זוכען דעם קאָנטראָל איבער פרעמדע לענדער אום צו עקספּלאָאַטירען זיי; די רוסישע רעגירונג זוכט אַ פרייע פאַרבינדונג מיט איהרע שכנ'ישע לענדער אום צו באַשיצען זיך אַליין פון עקספּלאָאַטאַציע און פון שטערונגען געגען איהר עקאָנאָמישער ענטוויקלונג.

די באַלטישע האַפענס זיינען אין אַ גאַנץ אַנדער לאַגע איידער דער שוואַרצער אָדער קאַספּישער ים. דאָרט פאָדערט רוסלאַנד בלויז דאָס רעכט אונגעשטערט צו באַנוצען זיך מיט די האַפענס, וואו עס הערשען די נייע זעלבסטבאַשטימטע באַלטישע פעלקער. עס וואָלט גענומען פיעלע יאָהרען איידער רוסלאַנד וואָלט געקאָנט האָבען גענוג קריגסשיפען צו באַשיצען זיך דאָרט געגען דער מאַכט פון ענגלאַנד, פיליכט מעהר יאָהרען איידער די וועלט האָט צו וואַרטען ביז דער אימפּעריאַליזם וועט אינגאַנצען פאַרניכטעט ווערען. די סאָוועטען רעגירונג חלומ'ט ניט וועגען שאַפען אַ מעכטיגען סאָציאַליסטישען קריעגס־פלאָט. אונטער די יעצטיגע אומשטענדען איז עס אין איהרע אינטערעסען, אַז פּאָליטיש זאָלען די באַלטישע האַפענס בלייבען ניט אונטער איהר קאָנטראָל. דאָס וועט איהר פאַרהיטען פון גאָר אַ סך מעגליכע צוזאַמענשטויסען מיט דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט.

אפילו אַ העכסט ערנסטע סאָציאַליסטיש־אידעאַליסטישע רעגירונג קען ניט אָנפיהרען קיין ריין־אידעאַליסטישען קאַמף פאַר סתם סאָציאַליזם. באַלדיגע עקאָנאָמישע אינטערעסען זיינען דער מעכטיגסטער פאַקטאָר אין אַלע אינטערנאַציאָנאַלע קעמפע, אָהן אונטערשייד צי זיי ווערען אָנגעפיהרט פון קאַפּיטאַליסטישע אָדער סאָציאַליסטישע רעגירונגען.

---



די נייע גענעראַל עקזעקוטיווע רופט אונז צו אַ נייעם ריזיגען קאַמפּיין פאַר ה ו נ ד ע ר ט ט ו י ז ע נ ט מ י ט ג ל י ד ע ר. זאָלען מיר, ווי די בראַווע רויטע אַרמיי אויספילען די אינסטרוקציעס פון אונזערע פיהרער



די ליגע פון נאַציאָנען איז שוין איינמאָל אַ ליג — — ען!..



עס זיינען פאַראַן מענשען וואָס וואָלטען געגעבען וויפיעל מ'וואָלט פון זיי פאַרלאַנגט, אַבי מ'זאָל זיי אַריינגעהמען אין אַ. ר. אַלס מיטגלידער. זיי זיינען שוין אָבער צו אַלט. זעהט, אַז אייער פריינד זאָל אַריינגענומען ווערען איידער ער ווערט צו שפּעט.



עס איז נישט קיין עבירה צו מאַכען אַ טעות. עס איז אָבער אַ פאַרברעכען צו איבער'חזר'ן איהם..



איהר וועט זיין אין. דעם גרויסען נאַציאָנאַלען קאַמפּיין פון 1920 אַ פּאַסיווער צושויער דערפאַר, וואָס איהר האָט נאָך אַלץ נישט אַרויסגענומען אייערע ב י ר ג ע ר פּאַפּירען. איז עס דען נישט אַ פאַרברעכען?...

## אונזער קולטורעלע רעוואלוציע

(ענדע פון זייט 7)

ס'איז אלזאָ קלאָר, אז אין אָט די פאַרטריקענטע בלעטער, מיט וועלכע אונזערע זיידעס און עלטער־זיידעס האָבען זיך אַרומגעוויקעלט, האָט געמוזט זיין אַ מין וואונדערליכע קראַפט, וואָס האָט אונז דערהאַלטען ביים לעבען. אונזערע זיידעס און עלטער־זיידעס האָבען דאָס געשפּירט און האָבען געזאָגט, אז די בלעטער זיינען נעטליך. מיר קאָנען דאָס דערקלערען. אין יענע בלעטער איז ניט אַלץ אָפּגעלעבט. אין דער אַלטער שפּראַך זייערער ליגען פאַרבאָרגען איביגע אמת'ן, וואָס ווערען קיין מאָל ניט אַלט. יענע איביגע אמת'ן האָבען זיך ווייניג גע־פּאַסט צום מיטל־אַלטער מיט זיין שקלאַפעריי. זיי פּאַסען זיך אָבער גוט צו אונזער מאָדערנער צייט, וואָס האָט אַראָפּגעוואָר־פען דעם גאַנצען שימל פון מיטל־אַלטער און שטרעבט צוריק ברייננגען די מענשען צו די פּשוט קייט און תּמימות פון אַל־טערטום. די מאָדערנע טעכנישע מיטלען זיינען דערביי ניט בלויז קיין שטער ניט, נאָר פאַרקעהרט: זיי זיינען אַן אויס־געצייכענטער הילפס־מיטעל.

דער אומגליק פון דעם אידישען גלות איז באַשטאַנען אין עקאָנאָמישער און גייסטיגער קולטורלאָזיגקייט. מ'האָט ביי אונז צוגענומען דעם שטאַרקסטען נענוס פון לעבען — דעם נענוס פון שאַפען לויט אונזערע פרייע נאַטירליכע נייגונגען. מ'האָט אונז געצוואונגען דירעקט און אינדירעקט לעבען אויף אַ פאַלשען פּאַספּאָרט, ווייל מען האָט אונז פאַראַכט און פאַר־פאָלגט דערפאַר וואָס מיר זיינען אידען, האָבען אַ סך פון אונז, די שוואַכערע, אויס דעם נאַטירליכען אינסטינקט פון זעלבסט־ערהאַלטונג, געמוזט פאַרלייקענען זייער א י ד, אָננעמען אַ פרעמדע סביבה, ווייכען פון זייערע איינענע ברידער, אַרויס־געבען זיך אָפט פאַר מענשען פון אַן אַנדער נאַציאָן און גלוי־בען. דאָס אַלץ האָט נאָר געקענט זיין אויסערליך. אזוי ווי אָבער דעם אינערליכען וועזען פון זיין פּערזענליכקייט און נאַ־ציאָנאַליטעט קאָן אַ מענש ניט בייטען פרייוויליג, זיינען אָט די אַסימילאַטאָרען, אַפילו ווען זיי האָבען זיך אין גאַנצען גע־טויפט, געבליבען, אין אמת, דיזעלבע אידען, בלויז אין אַן ער־גערע אויסגאַבע, און האָבען דעם ערנסטערען קריסטליכען באַ־אָבאַכטער נאָך מעהר אָפּגעשטויסען, ווי אַן אָפענער פּשוט'ער איד.

אַסימילאַציע איז גייסטיגע שקלאַפעריי. און גייסטיגע שקלאַפעריי איז אַ סך געפערליכער פון קערפּערליכער און מאַ־טעריעלער שקלאַפעריי. אינדירעקט און אונבאַוואוסט האָט זיך זעהר אַ גרויסער טייל פון'ם אידישען פאָלק געפונען העם גאַנצען לעצטען יאָהרהונדערט אין אַ פּראָצעס פון אַסימילאַציע. מיר אַלע, די גאַנצע אידישע אינטעליגענץ און מיט איהר זעהר אַ גרויסער טייל פון דער אידישער מאַסע, וואָס שטעהט אונ־טער איהר השפּעה, איז געווען באַוואוסט, אָדער אונבאַוואוסט אַסימילאַטאָריש. מיר האָבען געדאַרפט האָבען שטאַרקע קלעפּ פון די ערשטע, צווייטע און דריטע פּאָגראָמען און פון דער שרעקליכער וועלט־מלחמה, אַז מיר זאָלען זיך אַ טשוכע טאָן און קומען צו זיך.

די קולטורעלע רעוואָלוציע, וואָס דאַרף און מוז ביי אונז פאָרקומען דאַרף אין עיקר באַשטעהן אין דעם, וואָס אָט דער פּראָצעס פון ק ו מ ע ן צ ו ז י ך, וואָס האָט זיך שוין ביי אונז אָנגעהויבען, אזוי צו זאָגען, סטיכיינע, אונבאַוואוסט, זאָל פאַרוואַנדעלט ווערען אין אַ באַוואוסטזיניגען שטראָם. מיר דאַרפען אָנהויבען פאַרשטעהן דעם וועזען פון די איצטיגע רעוואָלוציעס, וואָס קומען פאָר אויף דער וועלט. דער אונטער־שייד צווישען זיי און די פריהערדיגע רעוואָלוציעס באַשטעהט אין דעם, וואָס יענע רעוואָלוציעס זיינען בלויז געווען פּאָליטישע און בירגערליכע: די איצטיגע זיינען ס אָ צ י אַ ל ע א ו ן נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע. זייער הויפּטלאָזונג איז: די באַפרייאונג פון דעם אַרבייטער־קלאַס פון איין זייט און פון די קליינע שוואַכע נאַציאָנען פון דער אַנדער זייט. די פאָדערונגען פון דער סאָ־ציאַלער רעוואָלוציע זיינען ניט נויטיג דאָ אָנצוגעבען. זיי זיינען דייטליך אָנגעוויזען אין די פּראָגראַמען פון די סאָציאַליס־טישע און קאָמוניסטישע פּאַרטייען. די עיקרים פון דער נאַציאָ־נאַלער רעוואָלוציע, אָדער ריכטיגער, פון די נאַציאָנאַלע רעוואָלו־ציעס, וואָס קומען פאָר איצט פאַר אונזערע אויגען, זיינען פאַר אַ סך לעזער ניט קלאָר. און דעריבער איז נויטיג זיי אָנצואווי־זען און אונטערשטרייכען. זייער פאָדערונג איז אומעטום כמעט

דיזעלבע: טעריטאָריעלע פאַרגרעסערונג, אָדער גענויע באַשטי־מונג פון די טעריטאָריעלע גרעניצען אין וועלכע עס לעבט די, אָדער יענע פריהער אונטערדריקטע נאַציאָנאַליטעט; פולע אויטאָנאָמיע: פּאָליטישע, נאַציאָנאַלע, עקאָנאָמישע און קול־טורעלע, דאָס הייסט, אַז די פאַרוואַלטונג פון אַלע ענינים אויף אַלע געביטען פונ'ם פאָלקס לעבען מוז ליגען אין די הענד פון דעם אייגענעם פאָלק און קיין שום אַנדער נאַציאָן טאָר זיך אין זיי ניט מישען. יעדעס פאָלק האָט דאָס פולע רעכט צו ריידען זיין שפּראַך, צו בויען זיינע שולען, אַנטוויקלען זיין ליטעראַ־טור, זיין איינענע קונסט, זיין אינדוסטריע, רעגולירען אליין זיין פּאָליטישען, סאָציאַלען און נאַציאָנאַלען לעבען, לויט זיינע אייגענע פּסיכישע און נאַציאָנאַלע בעדערפניסען און באַגריפען. קיין שום דירעקטער אָדער אינדירעקטער צוואַנג פון אַ וועלכען עס איז פאָלק אינ'ם לעבען פון אַן אַנדער פאָלק טאָר ניט פאָר־קומען. די באַציהונגען צווישען פעלקער מוזען זיין פאָלקאָם פרייע און אונגעצוואונגענע. מיר קאָנען איבערנעמען ביי אַ צווייטען פאָלק זיינע איינפירונגען און מעטאָדען, ווען זיי גע־פעלען אונז, ווען מיר אַליין, פון אונזער פרייען ווילען געפינען זיי נוצליך און וויכטיג פאַר אונז. אָבער קיין פאָלק טאָר אונז דירעקט אָדער אינדירעקט ניט אַרויפצווינגען אינסטיטוציעס, זיטען און באַגריפען.

אָט די פאָדערונגען פון די נאַציאָנאַלע רעוואָלוציעס זיינען אומעטום, וואו די רעוואָלוציעס פּאַסירען, דיזעלבע. סאַי אַ פאָלק לעבט אין זיינע באַזונדערע טעריטאָריעלע גרענעצען, סאַי עס לעבט אין צוואָרפענע גרופּען, אַריינגעשניטען אין די טעריטאָ־ריעס פון אַנדערע פעלקער. ביי די איצטיגע רעוואָלוציעס שפּילט די טעריטאָריע ניט קיין וויכטיגע ראָלע. די נאַציאָן איז די גרופּע, אָדער גרופּעס מענשען, וואָס לעבען אין מעהר אָדער וועניגער קאָמפּאַקטע מאַסען צוזאַמען, און וואָס רעכענען זיך אין אַבשטאַמונג און קולטור צו דערזעלבער נאַציע.

פאַר אונז אידען איז דעריבער אַבסאָלוט ניט נויטיג צו וואַרטען, ביז מיר וועלען האָבען ארץ ישראל, אָדער ערגעץ וואו געווינען אַ טעריטאָריע. דער באַוואוסטזיין פון אונזער נאַציאָ־נאַלער איינהייט איז גענוג, אַז מיר זאָלען האָבען דאָס רעכט צו פאָדערען, אומעטום, וואו מיר וואוינען אין גרעסערע אָדער קלענערע גרופּען; צי אין פּאַלעסטינאַ, צי אין פּוילען, צי אין רוסלאַנד, צי אין אַמעריקאַ, צי אין אַרגענטינאַ, צי אין לאָנדאָן, צי אין פּאַריז — אונזער נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע. מיר דאַר־פען אָבער ניט וואַרטען ביז די אויסערליכע באַדינגונגען וועלען זיך אויפלעגען גינסטיג פאַר אונזערע פאָדערונגען. צום גליק פאָדערט זיך ניט פאַר אַ נאַציאָנאַלער רעוואָלוציע אין איצטי־גען מאָמענט קיין גענעראַל־סטרייקס און קיין טראָר. זי קאָן פאָרקומען אומעטום אויפ'ן פרידליכען שטייגער. זי פאָדערט נאָר אָנגעשטרענגטע אינטענסיווע אַרבייט פון אונז אַליין. זי פאָדערט אויפקלערונגס־אַרבייט, זעלבסטבאַוואוסטזיין, אָרגאַני־זאַציע פון אונזערע קרעפטען אויף די פּרינציפּען פון נאַציאָנאַ־לער אויטאָנאָמיע.

אָט אין ד ע ר פרידליכער, דורכגעטראַכטער, סיסטעמאַ־טישער גרויסער אָרגאַניזירונגס־אַרבייט באַשטעהט אונזער איי־גענע קולטורעלע רעוואָלוציע. און דאָס הייסט ניט אָוועקגעהן און זיך איינשליסען אין די איינענע ד' אמות ווי אַנדערע וועלען פּילייכט מיינען. גאַנץ פאַרקעהרט: ד. ה. אַליין פון זיך אויס־אַרבייטען די קרעפטען און מיטלען פאַר אַ גליקליכער און פריד־ליכער, רעספּעקטפולער און ברידערליכער שכנה'שאַפט מיט אַנ־דערע פעלקער, ווייל נאָר דאַן האָט איין פאָלק צום אַנדער פאָלק רעספּעקט און ליבע, ווען עס זעהט, אַז אָט דאָס אַנדער פאָלק איז שטאָלץ מיט זיך אַליין; קאָן אַליין, ניט וויינענדיג, ניט בעטענדיג קיין תּחנונים און רחמים, און ניט זוכענדיג קיין שתּדלנות ביי אַנדערע פעלקער, שמידען זיין אייגענעם שיקזאַל מיט זיינע אייגענע הענד.

---

די אַראַבישע פּאָגראָמשטשיקעס זיינען נישט אויף אַ האָר בעסער ווי זייערע לייבליכע ברידער אין אוקראַינע, אונגאַרן און פּוילען אַחוץ דעם, וואָס די ארץ ישראל'דיגע אידישע עקספּלואַטאַטאָרען זיינען נישט אויף אַ האָר בעסער ווי זייערע ברידער בק"ק ניו יאָרק...

• • •

פאַראורטייל און מיסטעריעז מאַכט בלינד די אויגען פון די גרעסטע חכמים און צועסט די בליהונג פון די שענסטע הערצער...

• • •

אזוי לאַנג ווי אונזער פאָלק אין די איבעריגע טיילן פון דער וועלט זיינען אויסגעשטעלט אונטער דעם בייטש פון הונגער און שאַרף פון שׂינאה, אזוי לאַנג ווי אונזערע שוועסטער דאָרט וועלן דאַרפען ציטערן פאַר זייער עהרע און לעבען וועלען מיר נישט צולאָזען אונזערע מאַכיל זיינע קרעפטען.

ארטור עסעלין:

# דיין געטליכע ממשלה.

ניט מיך האָסטו באַשאַפען אין [illegible]ן פורעם
נאָך איך — אין פאַרצווייפעלטע מינוטען
זוכענדיג דעם שליסעל פון מיין גבורה
האָב געעפענט אַ געהיימע טהיר אין הימעל.

שפילענדיג מיט בלענדענדע פלאַנעטען,
מיט פייער פון צובראָכענע וואולקאַנען,
צוזאַמען מיט דעם זאַפט פון מיינע ביינער,
ווי אַ קינד, אין פלאַנטער פון רעיונות —
אַ וואונדערשעהנע געטשקע זיך באַשאַפען.
און שעהן ביזטו געווען אין דיין גליתונג,
שעהנער פון דיין אייגענעם באַשעפער...
יופיטער האָט אַן אויג אויף דיר געוואָרפען
וויזל צופיעל רוים האָסטו פאַר זיך געפאָדערט.

האָבען זיך מיליאָנען הענט געהויבען
ווי שפּיזען, — הענט, הענט, ציטערענדע פינגער,
צו דיר, צו דיר, פינגער, פינגער, דינע,
אין כאָר פון הייליגען געיאָמער:
גאָט אונזערער! —
דערבאַרעם זיך, דערלייז אונז!

האָט מיך ניט גערירט דער פרעדען שפּראַס,
פון די, וואָס זיינען ביז קניה און בלוט געשטאַנען,
„שעהן געטאָן"! —
האָב איך קייכענד פאַר געלעכטער
מיין ארבייט גאָר באַוואונדערט...

— — — — — — — — — — — — — — — —

מיאוס איז דאָס שפּיל מיר איצט געוואָרען,
צו לאַסט מיין וואונדער שעהנער ליגען,
שלעפ איך איצט די פעדים, פון אַמאָל
וואָס כ'האָב שפּינענדיג — דיך צו זיך — געבונדען.
שלעפ איך דיר אַרונטער פון די הימלען —
דער קראַמף פון מיינע פינגער
צושמעטערט דיך אויף שטיקלאַך!
איך, דער אייביג שפּילענדיגער גבור!
איך, איך איך, נעהם דיין ממשלה איבער
דיין כסא הכבוד,
הימעל, ערד, און ים, וועל איך פאַרנעהמען.

---

ה. נראָף:

# א חלום אין דער ווירקליכקייט.

אומגעפעהר מיט אַ יאָהר און אַ האַלב צוריק, זיינען זיך צוזאַמענגעקומען פאַרטרעטער פון בלויז 4 ברענטשעס, צו באַשפרעכען די מעגליכקייט פון בויען אַן ארבייטער רינג קאָאָפעראַטיווע בעקעריי אין ניו יאָרק.

איינגענטליך זיינען געווען פאַרטראַטען 5 ברענטשעס, דורך 6 „אונאָפיציעלע" פאַרטרעטער, צוזאַמען מיט אַן אָפיציעלען פאַרשטעהער פון דער „פעדעראַציע פון אידישע קאָאָפעראַטיווען". עס איז געווען בלויז אַ באַראַטונגס מיטינג, אויף וועלכען די פאַרטרעטער האָבען זיך פאַרפליכטעט צו געהן צו זייערע ברענטשעס און אַגיטירען פאַר דער גרינדונג פון אַן „ארבייטער רינג קאָאָפעראַטיווע געזעלשאַפט". 4 פון די ברענטשעס האָבען דעם פלאַן אָנגענומען און זיך פאַרפליכטעט צו פאַראינטערעסירען נאָך ברענטשעס. דער 5טער ברענטש האָט געהאַלטען אין איין „באַשליסען" און „אָבשליסען", און צום סוף פאַרשלאָסען די ברענטש קאַסע ווען עס איז געקומען צו מאַכען די ערשטע איינצאָהלונג אויף די שערס. האָט זיך פונדעסטוועגען געפונען אַ מעמבער אין יענעם ברענטש וואָס האָט אַליין געקויפט פאַר 50 דאָלאַר שערס, אום דער ברענטש זאָל זיין פאַרטראַטען. אַלזאָ עס זיינען געווען 4 אָדער 5 ברענטשעס, וועלכע האָבען זיך די ערשטע פאַראינטערעסירט אין דער גרינדונג פון אַן ארבייטער רינג קאָאָפעראַטיווע.

עס איז באַשלאָסען געוואָרען אַז די ערשטע אונטערנעהמונג זאָל זיין אַ קאָאָפעראַטיווע בעקעריי, און מאַכן אויף אַ גרויסען מאַסשטאַב. מען האָט זיך אינקאָרפּאָרירט אין 50 טויזענד דאָלאַר, און אַ קליינע גרופע באַגייסטערטע מענשען האָבען זיך גענומען צו דער ארבייט צו „קריגען" מעהר ברענטשעס.

אמת, די ערפאַהרונג מיט די ניו יאָרקער ברענטשעס, פאַר געמיינשאַפטליכע לאָקאַלע ארבייט, איז ניט אַזעלכע מיט וועלכע מען קען זיך איבערהעמען: קליינע ברענטשעס אין קליינע שטעדט האָבען שוין באַוויזען אויפצוטאָן פיעל מעהר ווי אַלע הונדערטער ברענטשעס אין ניו יאָרק צוזאַמענגענומען. אָבער דערפאַר האָט ניו יאָרק די מעלה, אַז ווען די ברענטשעס וועלען זיך יאָ נעמען, וועלען זיי געוויס אויפבויען עפּעס גרויסעס. אַזעלכעס אויף וועלכע מען וועט קענען אָנצייגען אַלס ביישפּיעל און צירונג פאַר דער גאַנצער ארבייטער באַוועגונג.

עס איז אַ חלום, טייכען מאַכע פון אונזערע „פּראַקטישע" ברענטשעס, וואָס האָבען מורא פאַר פּראַקטישע ארבייט. אָבער זיי שרעקען זיך פאַר דער ווירקליכקייט, ווייל יעצט איז די ארבייטער רינג קאָאָפעראַטיווע בעקעריי ניט מעהר קיין חלום. 80 ברענטשעס זיינען שוין אָנגעשלאָסען אַן דער ארבייטער רינג קאָאָפעראַטיווע. כמעט אַלע ברענטשעס אין ניו יאָרק, און פון גאַנצען ארבייטער רינג, זיינען איינשטימיג פאַר קאָאָפעראַטיווע ארבייט, דאָס צייגען די באַשליסע פון די לעצטע עטליכע קאָנווענשאָנס. אָבער באַשליסע, וועלכע ווערען ניט דורכגעפיהרט אין לעבען זיינען אַ שלעכטע רעפּוטאַציאָן. די 80 אָנגעשלאָסענע ברענטשעס זאָגען דאָרום צו די איבעריגע ברענטשעס: די צייט איז געקומען גוט צו מאַכען די באַשליסע פון אונזערע קאָנווענשאָנס. לאָמיר עס טאָן אַלע צוזאַמען.

די אַ. ר. ברענטשעס אין ניו יאָרק וועלען באַלד האָבען אַ גרויסע, שעהנע, מאָדערנע בעקעריי. יעצט, אַז מיר זיינען שוין איבערצייגט אַז דער גאַנצער פּלאַן איז ניט קיין חלום נאָר אַ ווירקליכקייט; יעצט איז די צייט אַז יעדער ברענטש אין ניו יאָרק זאָל זיך פאַראינטערעסירען מיט דער „אַ. ר. קאָאָפעראַטיווע געזעלשאַפט". קיין ברענטש טאָר יעצט מעהר ניט שטעהן פון דערווייטען. שווערע צעהנדליגער טויזענדע דאָלאַרס פון אונזערע מעמבערס זיינען שוין אינוועסטעט געוואָרען. דער אַ. ר. נאָמען איז אויך אונזער מאָראַלע אינוועסטמענט. די גאַנצע ארבייטער באַוועגונג אין אַמעריקאַ, און אויך אין דער גאַנצער וועלט, וועלען נאָכפאָלגען אונזער עקספּערימענט אויף דעם קאָאָפעראַטיווען געביעט. אַן אייך ניו יאָרקער ברענטשעס און מעמבערס ווענדעט זיך, אויב עס זאָל פאַרשריבען ווערען אַ שעהנער, עהרליכער קאַפּיטעל אין דער געשיכטע פון דער קאָאָפעראַטיווער באַוועגונג.

דער כח פון די הונדערטע ברענטשעס אין ניו יאָרק איז גרויס, זעהר גרויס. עס זיינען נישטאָ קיינע אורזאַכען וואָרום מיר זאָלען דעם גרויסען כח פון אונזער קויף קראַפט ניט אויסנוצען פאַר אונזערע אייגענע אינטערעסען. ברויט עסען מיר אַלע, מיר עסען עס יעדען טאָג. מוזען מיר ווירקליך רייך מאַכען הונדערטע בעקער באָססעס אין ניו יאָרק? מוזען מיר ווירקליך זיך פאַרלאָזען אויף זיי, אַז ווי זאָלען זיין די יעניגע, וועלכע זאָלען באַשטימען די מאַטעריאַלען וואָס מיר געברויכען טעגליך? עס איז דאָך שוין אַזוי פיעל מאָל איבערצייגט געוואָרען, אַז אַלע פּראָדוקטען ווערען געפעלשט, ווייל די פּראָדוצירער ווילען וואָס מעהר פּראָפיט. זאָלען די ארבייטער רינג ברענטשעס אין ניו יאָרק באַזאָרגען די מעמבערס מיט ריינעם, נאַרהאַפטען און גוטען ברויט, אום צו פאַרהיטען דעם געזונד פון אונזערע מעמבערס און פון זייערע פרויען און קינדער. דער פּראָפיט סיסטעם אויף ברויט מוז אָפּגעשאַפט ווערען. די ארבייטער רינג קאָאָפעראַטיווע בעקעריי וועט ניט זיין פאַראינטערעסירט צו מאַכען וואָס מעהר פּראָפיט. זי וועט זיין פאַראינטערעסירט צו געבען די בעסטע קוואַליטעט, די בעסטע מאַטעריאַלען. דאָס אַליין וואָלט דאָך שוין אויך געווען אַ גענוגענדער אַרגומענט וואָרום יעדער ברענטש זאָל העלפען צו פאַרגרעסערען די ארבייטער רינג קאָאָפעראַטיווע געזעלשאַפט — שוין פון באַלדיגען מאַטעריעלען שטאַנדפּונקט. איז דען ניט דאָס פאַרהיטען דעם געזונד פון די מעמבערס איינער פון דעם ארבייטער רינג'ס אויפגאַבען? און שליסט דען די קאָאָפעראַטיווע באַוועגונג ניט איין אויך די אַלע אידעאַלע אויפגאַבען און פּרינציפּען אויף וועלכע דער אַ. ר. האָט זיך געגרינדעט?

עס איז צו האָפען אַז מיט דער עטאַבלירונג פון דער אַ. ר. קאָאָפעראַטיווע בעקעריי, וועלען אַלע ברענטשעס זיך מעהר ניט באַנוגענען מיט רעזאָלוציאָנען, ווינשע, און באַשליסע אויפ'ן פּאַפּיער, נאָר אַלע אַהן אויסנאַהם וועלען זעהן ווירקען אַז יעדער מעמבער זאָל ווערען אַ שער האָלדער אין דער אַ. ר. קאָאָפעראַטיווע. וואָס פריהער אַלץ בעסער, די פולע 50 טויזענד דאָלאַר שערס מוזען פאַרקויפט ווערען וואָס שנעלער. זאָל יעדער ברענטש לאָזען וויסען אין אָפּיס פון זייגע טעטיגקייטען. אום דיזעס זאָל פערשריבען ווערען אין דער געשיכטע פון אַרבייטער רינג.

* * *

עס זיינען פאַראַן פּרינציפּען ערקלערונגען, וואָס ערקלערען גאָרנישט עס זיינען פאַראַן אַנדערע וואָס זיינען אָהן פּרינציפּען. אָבער עס טרעפט אויך, אַז ביידע זאַכען פעהלען...

* * *

קאָאָפעראַציע מעג קלינגען גאָרנישט רעוואָלוציאָנער פאַר דעם אויער פון רעוואָלוציאָנער. עס איז אָבער אין דער אמת'ן דאָס רעוואָלוציאָנערסטע וואָרט אין דעם מענשליכען ווערטערבוך...




# טרויער רעזאלוציעס.

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען טרויער איבער דעם טויט פון אונזער באליעבטע פריינדין און מיטגליד מרס. ראוז פיליפס, און אונזער סימפאטיע צו איר מאן אין זיין שרעקליכען אומגליק.
אין טרויער, א. ר. פרויען-קלוב, אטלאנטא.

מיט טיעפען שמערץ דריקען מיר אויס אונזער מיטגעפיהל צו די פאמיליעס פון אונזערע פערשטארבענע פריינדע סעם שלעזינגער, דזשוליוס גאלינסקי און מרס. לינא זאסלא, וועלכע זיינען אוועקגעריבט געווארען אין זייערע בליהענדע יאהרען פון דער שרעקליכער מגפה „די פליו".
עהרע זייער אנדענקען!
א. ר. ברענטש 65, א. לאשער, סעק.

מיר דריקען אויס אונזער גרויסען שמערץ און טיעפען טרויער אויף דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פריינד און מעמבער יוסף טאוב.
עהרע זיין אנדענקען!
אויך דריקען מיר אויס אונזער טיעפסטע סימפאטיע צו זיין פרוי און קינדער אויף זייער גרויסען פארלוסט.
מ. י. לעמבערט, פינ. סעק. בר. 162.

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען טרויער אויף דעם פארלוסט פון אונזערע מעמבערס, פריינד חיים סאקס און פריינדין סערא בליצשטיין דורך א פריהצייטיגען טויט. עהרע זייער אנדיינקונג!
מיר דריקען אויך אויס אונזער טיעפסטע סימפאטיע צו פריינדין אסתר סאקס מיט איהרע 4 קינדערלעך; אויך צו פר. סעם בליצשטיין.
ס. שוחט, סעק. בר. 426 א. ר.

מיט געבויגענע קעפ און טיעפען טרויער האבען מיר אויסגעהערט דעם באריכט וועגען דעם טרויעריגען טויט פון אונזער פרייטר און מעמבער גרישון באטוויניק.
אונזער הארציגען טרייסט שיקען מיר צו זיינע עלטערן, ברידער און שוועסטער. בר. 214, ש. הורוויץ, סעקר.

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען מיטלייד צו אונזער פר. מאקס פלאטקין, איבער דעם פריהצייטיגען טויט פון זיין געליעבטע פרוי. עהרע איהר אנדענקען! בר. 573 א. ר., לואיס לעווי, סעק.

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען צער איבער דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער באליעבטער פריינדין מרס. ראסס, וואס איז מיט איר אונ־ערמיעדליכער ארבייט און ענערגי געווען א לעבעדינער מוסטער פאר אונז אלע, וועלכע האבען מיט איהר געארבייט.
אויך דריקען מיר אויס אונזער טרויער־געפיהל איבער דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פריינדין מרס. שאפמאן. — אונזער סימפאטיע צו דיביידע פאמיליעס פון די געשטארבענע.
אין טרויער: א. ר. פרויען-קלאב, אטלאנטא, דזשאר.

מיר דריקען אויס אונזער טיפען צער און טרויער אויפ'ן גרויסען פער־לוסט פון אונזערען א טיכטיגען מעמבער און באליעבטען פריינד, סעם ראטנאף. אויך דריקען מיר אויס אונזער פולע סימפאטיע צו דער יונגער אלמנה מיט'ן קינד
בר. 111, ב. טהאוויס, פינ. סעק.

מיר דריקען אויס אונער טיעפסטען טרויער און ווייטאג אויף דעם פריהצייטיגען טויט פון אונער אלטענס באליעבטען פריינד און געגאסע לואיס סאסין; און אונער טיעפסטען הארציגען מיטגעפיהל צו זיין יונגער פרוי אין אייראפא, וועלכע ווייס נאך נים יעצט פון איר גרויסען אונגליק וואס איר האט געטראפען.
בר. 351 א. ר., ס. גריבאוו, סעק.

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען טרויער אויף דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער בעליעבטען פריינד דזש. גאלדבערג; און אונזער סימפאטי צו דער גאנצער פאמיליע גאלדבערג.
בר. 149, ג. הערמאן, סעקר.

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען טרויער און בעדויערען אויף דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פריינד און מעמבער פיליפ האלפרן; ווי אויך אונזער טרייסט און סימפאטי צו זיין פרוי און קינד.
בר. 85, איזיק שטיינמאן, רעק. סעק.

מיר, די מעמבערס פון בר. 46 א. ר. באדויערען דעם פריהצייטיגען טויט פון מערי ארשין, די פרוי פון אונער מעמבער מאיר ארשין.
עהרע איהר אנדענקען! לאקשאנאוו, סעקר.

ביי א גוט־בעזוכטען ספעשעל מיטינג פרייטאג דעם 2טען דזשולייי 1920 איז בעשלאסען געווארען אויסצודריקען אונזער טיעפסטען טרויער נאך אונזער פערשטארבענעם פריינד און גענאסע ש. קעלעווסקי, ווי אויך אונזער סימפאטיע צו זיין יונגער פרוי און עלטערן. עס איז אויך בעשלאסען געווארען דאס זיין פאטאגראפיע זאל שטענדיג הענגען אין אונזער מיטינג לאקאל, אלס אנדענקונג.
ג. מעטין, פינ. סעק. קאאפ. בר. 501.

מיר באדויערען דעם גרויסען פארלוסט וואס אונזער ברענטש האט ער־ליטען דורך דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער עקס־סעק. און טרעזשורער פר. דזשאזעף קאהן. אונזער סימפאטיע צו זיין יונגע פרוי ערנא קאהן, אויך צו זיינע ליעבע עלטערן, שוועסטער און ברידער, און צו אלע זיינע פריינד. ברענטש 205 א. ר.
פרוזשאנסקי, פרעזש., קאזעל, סעק., פרידמאן, רעק סעק. רעז. קאמ.

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען טרויער אויף דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פרייטר. בארנעט דווארקין. אונזער טיעפסטער מיטגעפיהל צו זיין פרוי. בר. 179, ע. שעכטמאן, סעק.

מיר די מעמבערס פון דער „לוידיס אקזילערי" פון ארבייטער רינג סט פאול, מינג. דריקען אויס אונזער געפיהל פון טיעפסטען טרויער איבער דעם פערלוסט פון אונזער טרייען מעמבער, מרס. לאנ־דער, וועלכע איז געשטארבען דעם 23טען יאנואר 1920 פון אינ־פלוענציע.
מיר דריקען אויך אויס אונזער אויפריכטיגען מיטגעפיהל צו איהר מאן און קינד.
די לוידיעס אקזילערי פון די א. ר. ברענטשעס פון סט. פאול.
מרס. עפשטיין, מרס. בערען, פרעס קאמיטע.

# זיצונגען פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע א. ר.

א ספעשעל מיטינג פון דער נאצ. עקזעק. קאמ. ווערט אפגעהאלטען מיטוואך אבענד דעם 26טען מאי, מיט פר. ישורון אלס טשערמאן.

פר. ישורון ערקלערט, אז דער היינטיגער ספעשעל מיטינג איז גערופען געווארען פון איהם צו דיסקוטירען די פראגע וועגען באטייליגען זיך אין אידישען קאנגרעס, וואס וועט ערעפענט ווערען אין פילאדעלפיא, זונטאג דעם 30טען מאי. ער דייטעט אן, לויט דעם אלטען אפמאך פון דעם קאנ־גרעס און דער אמעריקאן דזשואיש קאמיטע, האט דער קאנגרעס נאכאמאל געדארפט פארזאמעלט ווערען אויסצוהערען א באריכט פון די פארטרעטער צו דער פרידענס קאנפערענץ אין ווערסאל. יעצט אבער, רעדט מען וועגן איינהאלטען דעם קאנגרעס אלס א פערמאנענטע קערפערשאפט. ער זאגט, אז ווען דער קאנגרעס איז דאס ערשטע מאל פאררופען געווארען, איז דער א. ר. אין פרינציפ געווען געגען באטייליגען זיך אין איהם, בפרט יעצט, ווען דער קאנגרעס קלייבט זיך צוזאמען, ווי עס זעהט אויס, בלויז צו זינגען לויב געזאנגען צו דער ענגלישער רעגירונג, דארף דער א. ר. זיך זי־כער נים באטייליגען.

די פראגע ווערט ברייט דעבאטירט, כמעט אלע עקזעקוטיוו מיטגלי־דער באטייליגען זיך אין דער דעבאטע, אין וועלכע עס ווערט אנגעצייגט:

1) אז די געשעהעניסען פאר די לעצטע עטליכע יאהר האבען באוויזען אז די ארבייטער מאסען קענען גאר נים געווינען, ווען זיי שלעפען זיך נאך אן דער שתדלנות פאליטיק פון דער אידישער בורזשואזיע.

2) אז דיזע שתדלנות פאליטיק האט נים נאר נים פארבעסערט די אלגעמיינע לאגע פון די אידען אין די מלחמה לענדער, נאר האט אויך נים געקענט אפשטעלען די שוידערהאפטע פאגראמען זעגאר אין פאלעסטינא, און אז די גלייכע רעכטע פון אידען זיינען געבליבען בלויז א פארשפרעכען אויפ׳ן פאפיער.

3) אז זאגאר אין רעליעף ארבייט, אין וועלכע מען האט געעקנט ער־ווארטען אז אלע עלעמענטען זאלען ארבייטען פאראייניגט, אויך אין דער ארבייט איז דא א טיעפער אפגרונד צווישען די ברייטע אידישע ארבייטער מאסען און די פארטרעטער פון די רייכערע קלאסען און שתדלנים פון אי־דישען פאלק.

עס ווערט איינשטימיג באשלאסען, אז די נאצ. עקזעק. קאמ. פון א. ר. זאל זיך נים באטייליגען אין דעם קומענדען אידישען קאנגרעס, און אונזער פארטרעטער צום לעצטען אידישען קאנגרעס זאל דארום צוריקגעצויגען ווערען.

עס ווערט באשטימט צו ערוועלען א קאמיטע פון 3 אויסצוארבייטען א רעזאלוציע אין וועלכע עס זאלען באגרינדעט ווערען די מאטיווען ווארום דער א. ר. האט זיך נים באטייליגט אין קאנגרעס. די רעזאלוציע זאל פארעפענטליכט ווערען אין „פארווערטס". אין דער קאמיטע ווערען ערוועהלט פריינד באסקין, יודיטש און זאקס.

עס ווערט פארשטאנען, אז אין פאל א קאנפערענץ וועגען אידישע קאנגרעס וועט ביז זונטאג גערופען ווערען פון די פאראייניגטע אידישע געווערקשאפטען, זאלען דער דזשענעראל סעקרעטער און דער טשערמאן פון א. ר. דארט זיין פארטראטען.

ב. געליעבטער, רעק. סעק.

דער רעגעלער מאנאטליכער מיטינג פון דער נאצ. עקזעק. קאמ. ווערט ער־עפענט זונטאג, דעם 6טען יוני אום 10.30 פריה פון טשערמאן פר. י. ישורון.

## צושריפטען

פון טאראנטא סיטי קאמיטע. — זיי שרייבען, אז ביי א ספעשעל פאר־זאמלונג פון די עקזעקוטיווע און בעאמטע פון אלע ברענטשעס פון טא־ראנטא איז איינשטימיג באשלאסען געווארען צו פארלאנגען, אז טאראנטא זאל ארויסגעשטעלט ווערען אויף דעם רעפערענדום ליסט אלס די שטאדט פון קומענדע פאר דער קומענדער קאנווענשאן. זיי שרייבען, אז טאראנטא און צוליעב פארשידענע אורזאכען באדערפנים צו האבען ביי זיך די נעקסטע קאנווענשאן פון א. ר.

עס ווערט באשלאסען זיי ענטפערען, אז אויב עס וועט באשטימט ווערען דורכ׳ן רעפערענדום, אז די קאנווענשאן זאל אפגעהאלטען ווערען אין קע־נעדע, וועט זייער שטאדט גענומען ווערען אין אנבאטראכט.

פון בר. 193, — לאדען איין צו שיקען א פארטרעטער צו זייער 12טען יעהרליכען יובילעאום וואס וועט שטאטפינדען היינט, זונטאג דעם 6טען יוני, אום 7 אוהר אווענט, ערוועלט פר. זאקס.

פון בר. 445, ראזעל, נ. דזש. — בעטען צושיקען א פארטרעטער צו זייער אונטערנעמונג אין פארבינדונג מיט שאפען א פאנד פאר׳ן ליבאר לייסעאום. ערוועלט פר. דינערשטיין.

פון שיקאגא לייבאר לייסעאום, — פר. ל. בענענסאהן, טשערמאן, שרייבט אז שיקאגא א. ר. ברענטשעס האבען אפגעקויפט און שוין איבער־גענומען איינעם פון די שענסטע געביידעס אין שטאדט, און דעם 19טען יוני וועט געפייערט ווערען די ערעפענונג. די לייבאר לייסעאום קאמיטע לאדעט איין א באגריסער פון דער נאצ. עקזעק. צו דער געלעגענהייט. עס ווערט באשלאסען צו שיקען זיי א באגריסונגס טעלעגראמע אין דעם טאג פון דער ערעפענונג.

פון בר. 275 — דריקען אויס זייער אונצופרידענהייט מיט דער האנד־לונג פון דער טעריטאריעלער קאנפערענץ, וועלכע האט שטאטגעפונען דעם 2טען מערץ 1920. צו ערוועלען דעלעגאטען צו דער קאנווענשאן. זיי זיינען אונצופרידען וואס די קאנפערענץ האט אליין ערוועלט דעלעגאטען און נים איבערגעגעבען דאס צו די ברענטשעס. עס ווערט באשלאסען דעם צושריפט צו פיילען.

## באריכטען

פר. יודיטש באריכטעט, אז ער איז געווען פארטראטען אין פעטערסאן דעם 22טען מאי ביי דער אונטערנעהמונג, דורך וועלכע די א. ר. מיטגלידער האבען אנגעפאנגען זייער קאמפיין צו שאפען א פאנד פאר א לייבאר לייסעאום. ער האט זיי אדרעסירט, און עס איז אויפ׳ן פלאץ געזאמעלט געווארען עטליכע הונדערט דאלאר.

ער איז אויך געווען פארטראטען אין מאנטיסעלא, ביי דער ערעפע־נונג פון זייער לייבאר לייסעאום. פאר א קאנטרי פלאץ האבען זיי ווירק־ליך א שעהנע געביידע פאר זייער לייסעאום. די ערעפענונג איז געווען אן אמת׳ער יום טוב פאר די א. ר. מיטגלידער פון יענעם געגענד, און אלע האבען זעהר גוט פארבראכט אויף א פרייליכען אופן. ער האט נאכהער ארייגעגעבען א נאטיץ אין „פארווערטס" וועגען דער אויסער־נעהמונג. באריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. יודיטש באריכטעט, אז פר. א. דינערשטיין און ער זיינען געווען פארטראטען אין פעטערסאן ביי דער הירינג וואס די נאציאנאלע באארד

פון דירעקטארען האט באשטימט אין צוזאמענהאנג מיט דעם אפיעל פון מאנכע מיטגלידער פאר אויפלעזען ברענטש 192.

פר. יודיטש גלויבט אז די נאצ. ב. א. ד. האט נים געהאט קיין רעכט אויפצונעהמען דעם אפיעל, ווייל נים מעמבערס פון אויפגעלעזטען ברענטש האבען אפעלירט געגען דער האנדלונג פון דער עקזעקוטיוו, נאר איינציגע געוועזענע מיטגלידער פון יענעם ברענטש, וועלכע מען האט טרענספערירט אלס מעמבער עם לארדזש.

פר. יודיטש איז מיט דער מיינונג, אז די נאצ. ב. א. ד. אויב זיי האבען שוין באשטימט א הירינג, האבען זיי דאס געדארפט מאכען אין ניו יארק, ווי עס פיהרט זיך געוועהנליך, און נים אין פעטערסאן. ער דענקט אז ס׳איז געווען א טעות פון דער נאצ. עקזעק. צו שיקען פאר־טרעטער צו יענער הירינג. אזוי ווי פר. דינערשטיין און ער זיינען דארט געווען, האבען זיי איבערגעגעבען דעם שטאנדפונקט פון דער נאצ. עקזעק.

פר. א. דינערשטיין זאגט, אז נאטירליך ווי די לעצטע קאנווענשאן אין נוארק האט גוטגעהייסען די האנדלונג פון דער עקזעק. בנוגע אויפלעזען בר. 192, האט די נאצ. ב. א. ד. נים געדארפט און נים געטארט אויפנעהמען דעם אפיעל. פר. דינערשטיין גלויבט, אז פאר דער סאב קאמיטע פון די נ. ב. א. ד. איז די פראגע יעצט קלאר.

באריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. א. ש. זאקס באריכטעט, אז די סאב קאמיטע האט אויסגעארבייט פאל־גענדע רעזאלוציאן וועגען נים באטייליגען זיך אין אידישען קאנגרעס, וועלכע איז געדרוקט געווען אין „פארווערטס":

נעמענדיג אין אנבאטראכט, אז די אורזאכען צוליעב וועלכע דער ערש־טער אידישער קאנגרעס איז צוזאמענגערופען געווארען עקזיסטירען שוין נים מעהר;

אז דער מאנדאט וועלכע די אנטייל־נעהמער אין ערשטען אידישען קאנגרעס האבען געקראגען איז שוין לאנג בטל געווארען.

אז דער יעצטיגער קאנגרעס קען נים רעדען אין נאמען פון אידישען פאלק בכלל און אין נאמען פון די אידישע ארבייטער בפרט;

אז די שתדלנות פאליטיק פון די פיהרער פון קאנגרעס האט נים בא־וויזען צו פארבעסערען די אלגעמיינע לאגע פון די אידען אין די מלחמה לענדער, און אז די גלייכע רעכטע פון אידען זיינען געבליבען בלויז א פארשפרעכען אויפ׳ן פאפיער;

אז די ארגאניזירטע אידישע ארבייטער זיינען בכלל געגען די שתדלנות און „הינטער־טיר" פאליטיק, אן וועלכע די פיהרער פון קאנגרעס האבען זיך געהאלטען,

זיי עס דארום באשלאסען, אז די נאצ. עקזעק. קאמ. פון א. ר. זאל זיך נים באטייליגען אין דעם אידישען קאנגרעס, וועלכער איז צוזאמענגע־שטעלט פון זעלבסט־נעקרוינטע „פאלקס פארטרעטער" און אלט־מאדישע שתדלנים, און איהרע פארטרעטער צום אידישען קאנגרעס זאל דערמים צוריקגעצויגען ווערען.

באריכט ווערט גוטגעהייסען.

## סעקרעטערס רעפארט

פר. באסקין, דזשענעראל סעקרעטער שטעלט זיך אין זיין בפוראכם אב אויף דעם צושטאנד פון די פארשידענע פאנדס.

| | |
|---|---|
| ער דייטעט אן, אז דער ערזוקייש. פאנד האט צום 1טען יוני 1920 געהאט א דעפיציט פון — — — — — — — — — — | $ 1,650.02 |
| דער א. ר. שול פאנד האט צום ערשטען יוני 1920 געהאט א דעפיציט פון — — — — — — — — — — — — — — | 217.36 |
| „פריינד" פאנד האט צום 1טען יוני 1920 געהאט א דעפיציט פון — — — — — — — — — — — — — — | 2,135.97 |
| עס איז אבער דא פאפיער אין סטאק אויף דער סומע פון — — — — — — — — — — — — — — — — — | 6,689.62 |
| דאס הייסט פאקטיש, אז דער „פריינד" פאנד האט א סורפלוס פון — — — — — — — — — — — — — — | 4,553.65 |
| פאר די אויסגאבען פון די פארשידענע ביכער איז דא א דעפיציט פון — — — — — — — — — — — — — — | 124.79 |
| דער קראנקען בענעפיט פאנד האט צום 1טען יוני 1920 געהאט א סורפלוס פון — — — — — — — — — — — | 65,430.10 |
| דער קראנקען בענעפיט רעזערוו פאנד האט צום 1טען יוני 1920 באטראפען — — — — — — — — — — — — | 6,124.78 |
| (לויט א באשלוס פון דער פריהערדיגער נאצ. עקזעק. אין דער פאנד געשאפען געווארען פון דעם ערשטען יאנואר 1920 ארגענעהמענדיג פון דעם רעגעלען בענעפיט פאנד 5 פרא־צענט פער קווארטאל). | |
| דער קאנסאמפשאן בענעפיט פאנד האט צום 1טען יוני 1920 געהאט א סורפלוס פון — — — — — — — — — | 46,229.41 |
| דער אדמיניסטריישאן פאנד האט צום 1טען יוני 1920 געהאט א דעפיציט — — — — — — — — — — — — — | 7,189.86 |
| צום 1טען יוני 1919 האט דיזער פאנד געהאט א סורפלוס פון — — — — — — — — — — — — — — — | 8,932.76 |
| דער דעפיציט אין אדמיניסטריישאן פאנד איז געקומען מייסטענס פון די אויסגאבען אויף ליגל ארבייט, פאר די טשארטערס וואס מען צאהלט אין די פארשידענע סטייטס, און אויך צוליעב די העכערונג אין געהאלט פון די אפיס אנגעשטעלטע. | |
| פר. באסקין ערקלערט, אז די אפיס קאמיטע וועט אין איהר רעפארט רעקאמענדירען צו באשטימען א ספעציעלען אסעסמענט פון 20 סענט פאר דעם אדמיניסטריישאן פאנד צו דעקען דעם דעפיציט. | |
| דער קאנווענשאן פאנד האט צום ערשטען יוני 1920 געהאט א דעפיציט פון — — — — — — — — — — — | 4,179.23 |
| דער ארגאניזאציאנס פאנד האט צום 1טען יוני 1920 געהאט א דעפיציט פון — — — — — — — — — — — | 316.11 |
| דער סאנאטאריום בילדינג פאנד האט צום ערשטען יוני 1920 געהט א סורפלוס פון — — — — — — — — — | 45,260.13 |
| דער סאנאטאריום אויפהאלטונגס פאנט האט צום 1טען יוני 1920 געהאט א דעפיציט פון — — — — — — — | 12,039 86 |
| דער אלגעמיינער רעזערוו פאנד באשטעהט פון די פאל־גענדע: | |
| דער רעזערוו פאנד — — — — — — — — — — — | 828,833.16 |
| מארטשוארי פאנד — — — — — — — — — — — | 118,211.08 |
| פאנד פון איינטריטס געלד — — — — — — — — | 856,118.45 |
| איינצאהלונגען פאר די קאנסטיטוציאן — — — — | 7,674.47 |
| פראצענט פון די באנדס, קעש אין די ביינק א. ר. ג. — | 201,371.62 |
| די ווערט פון די באנדס איז פארגרעסערט געווארען אויף | 12,560.75 |
| סך הכל — — — — — — | 1,204,832.53 |

פון דעם 1טען יוני 1920 איז דער רעזערוו פאנד פאר־גרעסערט געווארען אויף — — — — — 94,703.22

דער פאנד וואס איז געבליבען פאר דעקען די דיוס פון געדרעפטע מעמבערס באטרעפט — — — 9,090.80

לויט דעם באשלוס פון דער פריהערדיגער עקזעקוטיוו וועט דער סורפלוס פון דעם פאנד טרענספערירט ווערען צום קראנקען בענעפיט רעזערוו פאנד.

די מיטגלידערשאפט פון א. ר. איז צום ערשטען יוני 1920 (ארונטערגערעכענדיג די געשטראכענע פון לעצטען קווארטאל) באשטאנען פון — — — 81,394

דער צושטאנד פון די ברענטשעס איז יעצט א גוטער. די צאהלונגען פון די ברענטשעס צום אפיס ווערען געמאכט נארמאל, מיט דער אויסנאמע פון די קענעדער ברענטשעס, וועלכע צאהלען נים רעגעלמעסיג צוליעב דעם וואס די וואליוטא פון די קענעדער געלדער איז געווארען קלענער אין פאר־גלייך מיט דעם אמעריקאנעם געלד, און זיי פארלאנגען, אז מען זאל זיי ערלויבען מאכען די צאהלונגען אין קענעדער געלדער.

* * *

פר. מאלאט פרעגט וואָרום די געלדער וואס זיינען געקליבען פאר'ן רעליעף פאנד ווערען נים אריבערגעשיקט אין איירא פא. דער טשערמאן פר. ישורון ערקלערט איהם אז די לעצטע נאצ. עקזעקוטיוו האט בא־שלאסען אפצוהאלטען דיזע געלדער ביז עס וועט ווערען באשטימט די באציהונג צווישען די דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע און די פיפלס רעליעף קאמיטע, ווייל דורך דער לעצטער שיקען מיר איבער אונזערע געלדער. פר. באסקין גיט צו, אז די עקזעקוטיוו האט דאן אויך אנגעדיי־טעד, אז עס וועט זיין ראטזאם אפצואווארטען מיט'ן שיקען די געלדער ביז פר. עפשטיין, וועלכער איז געפארען אין יוראפ אלס שליח פון דער פיפלס רעליעף, וועט צוריק קומען און אפגעבען א גענויען באריכט וועלכע אינסטיטוציעס אדער קערפערשאפטען נויטיגען זיך מעהר אין שטיצע.

דעם סעקרעטערס רעפארט ווערט דאן גוטגעהייסען.

## ק א מ י ט ע ס

פון פערשידענע רעפענס קאמיטעס וועגען זיך פארטרעטער און בעטען צו נעהמען זיי אין אכט ביים איינטיילען די $2000.00 וואס איז באשטימט געווארען פון דער לעצטער קאנווענשאן פאר רעפענס פאנדס. דער טשער־מאן ערקלערט, אז מיר קענען יעצט וועגען דעם נים האנדלען איידער עס געהט דורך דער רעפערענדום וועגען דעם פאנד. ווען דער פונקט אין רע־פערענדום וועט גוטגעהייסען ווערען און די עקזעקוטיוו קאם. אדער א סאב קאם. פון דער עקזעק. וועט וועגען דעם האנדלען, וועט מען זיי וואַרשיינליך רופען צו יענעם מיטינג.

פון די „וועלד וואר וועטעראנס" — פארלאנגען אז מען זאל זיי יעצט געבען די $50.00 וואס איז באשטימט געווארען פאר זיי ביי דער לעצטער קאנווענשאן. דער טשערמאן ערקלערט די קאמיטע אז מיר קענען ליידער דאס נים באוויליגען, איידער עס וועט דורכגעהן דער רעפערענדום אפשטימונג.

פון דער „קראפאטקין ליטעראטור געזעלשאפט", — דר. מעריסאן מאכט אויפמערקזאם אז מען האט איהם איבערגעגעבען, דאס ס'איז דורכגעלאזען געווארען אויפ'ן רעפערענדום די שטיצע פאר דער קראפאטקין ליטעראטור געזעלשאפט. ער פרעגט אויב מען קען דאס ארויפשטעלען אויפ'ן רעפערענ־דום באלאט. פריינד יודיטש, אלס סעקרעטער פון דער קאנווענשאן רע־זאלוציאנס קאמיטע, ערקלערט, אז ס'איז נים באשטימט געווארען קיין שטיצע פאר דער קראפאטקין ליטעראטור געזעלשאפט ביי דער לעצטער קאנווענשאן.

דער טשערמאן ערקלערט דר. מעריסאנען, אז אין אזא פאל קענען מיר ליידער דאס נים ארויסשטעלען אויפ'ן רעפערענדום באלאט, אבער די קומענדע קאנווענשאן וועט זיכער נעהמען אין אנבאטראכט דאס די קראפאטקין ליטעראטור געזעלשאפט איז דורכגעלאזען געווארען דיזען יאהר.

## רעפארט פון דער נאציאנאלער ארגאניזאציאנס קאמיטע

פר. ב. יודיטש ערקלערט אז די נאצ. ארגאניזאציאנס קאמיטע איז אפיציעל אינסטאלירט געווארען דינסטאג אווענד דעם 25טען מאי. ער (יודיטש) איז ערוועלט געווארען אלס טשערמאן.

פר. עבעריל איז ערוועלט געווארען אלס וויים טשערמאן.

ער ערקלערט, אז די נאציאנאלע ארגאניזאציאנס קאמיטע האט אויפגע־נומען די פראגע וועגען דעם קומענדען קאמפיין צו פארגרעסערען די מיטגלי־דערשאפט פון א. ר. רעכענענדיג זיך מיט דעם סענטימענט וואס איז אויס־געדריקט געווארען ביי דער לעצטער קאנווענשאן אין נוארק האט די נאצ. ארג. קאמיטע באשלאסען אויף דיזען יאהר אנצופיהרען א קאמפיין און זעהן אז די צאהל מיטגלידער פון א. ר. זאל ביז דער קומענדער קאנווענשאן דערגרייכען הונדערט טויזענד. די ארגאניזאציאנס קאמיטע וועט ביי איהר נעכסטען מיטינג אויסארבייטען פלענער ווי דער קאמפיין זאל אנגעפירט ווערען.

א פארטרעטער פון בר. 450, רענוווער, וועלכער איז גראדע געווען אין ניו יארק, האט ערקלערט, אז עס קומען פאר צווייסטיגקייטען אין ברענטש צוליעב דאס וואס עס ווערט נים דערלאזען אז קראנקע זאלען אריינגענו־מען ווערען אלס מיטגלידער פון דיזען ברענטש. אזוי ווי די צווייסטיג־קייטען זיינען דארט אוועק צו ווייט, פארלאנגען איינינע אז מען זאל זיי באוויליגען צו גרינדען אין רענוווער נאך א ברענטש. די נאצ. ארג. קאם. האט באשלאסען דאס נים צו באוויליגען.

די ניו יארק סיטי קאמיטע פירט יעצט פארהאנדלונגען מים איינינע קאסייעטים און האלט אין גרינדען עטליכע נייע ברענטשעס, צווישען זיי אויך 2 נייע ענגליש שפרעכענדע ברענטשעס אין וויליאמסבורג און אין בראנזוויל.

בר. 317 פון פארטלאנד, מעין האט געבעטען צו שיקען א פארטרעטער צו זייער יובילעאום דעם 30טען ד. מ. עס איז באשלאסען געווארען צו בעטען פריינד וויליאם יבאקסט פון באסטאן, אז ער זאל זיין ביי זייער יאהרעס־פייער.

א מיטגליד פון בר. 198, האבאקען, נ. דזש. האט זיך באקלאגט, אז עס קומען פאר צווייסטיגקייטען ביי זיי אין ברענטש, און האט געבעטען צו שיקען צו זיי א פארטרעטער צו זייער קומענדען מיטינג. ס'איז באשלאסען גע־ווארען צו בעטען די דיסטריקט קאמיטע פון הודסאן קאונטי צו זיין דארט פארטראטען, און זעהן שליכטען די סכסוכים.

פר. קרינסקי האט געדארפט זיין פארטראטען ביי דער יאהרעס פעסט ביי בר. 447. ער האט אבער נים געקענט קומען. ער (יודיטש) איז דארט געווען, און זיי באגריסט אין נאמען פון דער נאציאנאלער עקזעק. קאם.

די נאצ. ארג. קאמיטע בעט ביי דער גריוועגס קאמיטע צו ענדערען דעם טאג פון זייער מיטינג.

פון בר. 195 פון ראק איילאנד, אילינאיז, איז ערהאלטען געווארען א לאנגער בריעף, וואו זיי מעלדען וועגען צווייסטיגקייטען אין זייער שטאדט, זיי גלויבען אז ווען איינער פון ארג. קאם. זאל אהין קומען וואלט ער די לאגע געקענט פיעל פארבעסערען. זיי שרייבען זאגאר אז די עקספענסעס זיינען זיי אליין וויליג צו בעצאהלען. די ארג. קאמיטע האט פארלויפיג קיין באשלוס נים געפאסט וועגען דעם, נאר דער פארלאנג פון ראק איילאנד וועט שפעטער באטראכט ווערען צוזאמען מיט דער לאגע אין דעטראיט.

[illegible]

## רעפארט פו דער נאצ. עדיוקיישאנאל קאמיטע

פר. בערנשטיין ערקלערט אז די נאצ. עדיוקיישאנאל קאמיטע איז אינ־סטאלירט געווארען מיטוואך אווענד דעם 26טען מאי.

צוליעב דער קראנקהייט פון פר. ליעסין און צוליעב וואס פר. פיינער־מאן האט דורך פערזענליכע ביזנעס נים געקענט קומען צו די ערשטע צוויי מיטינגען, זיינען שטענדיגע בעאמטע פון דער קאם. נים ערוועלט געווא־רען. ער פר. בערנשטיין איז ערוועלט געווארען אלס צייטווייליגער טשער־מאן פון דער קאמיטע.

פר. י. ב. ביילין דער סעקרעטער פון דער קאמיטע האט ביים ערשטען מיטינג געגעבען אן איבערבליק איבער די פערשיעדענע אינסטיטוציעס וועלכע ווערען פארוואלטעט פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע: 29 ארבייטער רינג שולען אין די פערשידענע שטעדט אין די פאראייניגטע שטאאטען און קענעדע; דראמאטישע פאראיינען פון ארבייטער רינג, ארבייטער רינג כארען, ארקעסטער א. ד. ג.

פר. גורעוויטש איז געווען פארטראטען ביי דער ערעפענונג פון האר־לעמער קולטור צענטער, און האט זיי באגריסט אין נאמען פון דער עדיו־קיישאנאל קאמיטע. פר. י. ב. ביילין איז געווען דער פעסט רעדנער ביי דער ערעפענונג פון קולטור צענטער אין בראנזוויל. זיי האבען צו דער גע־לעגענהייט ארראנזשירט א באנקעט.

די פאראייניגטע ארבייטער אויפקלערונגס קאמיטע פון ניו יארק האט פארלאנגט אז מען זאל שטיצען מיט $15 די פאלקס היים אין וויען, וואו עס לערנען ארבייטער סטודענטען (קראנקע). עס איז באשלאסען געווארען די סומע צו באוויליגען.

אין באלטימאר ווערען געמאכט פארבערייטונגען צו ערעפענען א צווייטע א. ר. שול. ס'איז באשלאסען געווארען צו שטיצען די נייע אונטער־נעמונג מיט $50.

די א. ר. שול פון סיו סיטי איז געשטיצט געווארען מיט $50.

די עדיוקיישאנאל קאם. האט באשלאסען אויסצוצאהלען די אויסגאבען פאר דעם באנקעט וואס איז געגעבען געווארען לכבוד דעם גראדואירונג פון די שילער פון די א. ר. לעהרער־קורסען.

ס'איז באשלאסען געווארען צו העכערען דאס געהאלט פון י. ב. ביילין, רעדאקטאר פון „פריינד" און סעקרעטער פון דער עד. קאם. אויף $10 א וואך.

די וויליאמסבורג שול האט זיך לעצטענס איבערגעקליבען אין א הויז, וואס זיי האבען געדונגען אויף צוויי יאהר. עס איז פאר זיי באוויליגט גע־ווארען $150.

ס'איז באשלאסען געווארען צו סאבסידירען די דאון טאון א. ר. שול מיט $50 א מאנאט אין משך פון 3 מאנאטען.

ס'איז באשלאסען געווארען צו רופען א קאנפערענץ פון פארטרעטער פון ניו יארקער ברענטשעס צו ערוועהלען א נייע סיטי עדיוקיישאנאל קאם.

עס איז באשטימט געווארען צו מאכען א שראנק אויף צו האלטען אין צפים די נייע ביכער, וואס וועט קאסטען ארום $100.

עס ווערט דעבאטירט די פראגע צו די עדיוקיישאנאל קאמיטע האט גע־דארפט באשטימען צו שטיצען מיט 15 דאלאר די „פאלקס היים" פון וויען. עס ווערט אנגעדייטעט, אז בלויז די קאנווענשאן האט א רעכט צו באשטימען שטיצע פאר אינסטיטוציעס אדער ארגאניזאציאנען. נאך א קורצע דעבאטע ווערט באשלאסען גוטצוהייסען די האנדלונג פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע, נאר ציהען זייער אויפמערקזאמקייט אויסצומיידען אזעלכעס אין דער צוקונפט.

דער רעפארט פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע ווערט גוטגעהייסען.

## רעפארט פו דער נאציאנאלער גריוועגס קאמיטע

פר. העסקעל ערקלערט, אז די גריוועגס קאמיטע איז אפיציעל אינסטאלירט געווארען מאנטאג אווענד דעם 23טען מאי. ער (העסקעל) איז ערוועלט גע־ווארען אלס טשערמאן פון דער קאמיטע.

פר. אלטמאן איז ערוועהלט געווארען אלס וויים טשערמאן.

א בריעף איז געשיקט געווארען צו דעם אפעלאנט פון ברענטש 155, סאלידא, צהייא, אין פארבינדונג מיט דער פראגע וועגען סטרייק וואס איז דארט פארגעקומען מיט אומגעפעהר א יאהר צוריק. אזוי ווי די קאנווענ־שאן האט גוטגעהייסען די ענטשיידונג פון דער נאציאנאלער באארד און די־רעקטארען, האט די גריוועגס קאמיטע געלאזט וויסען דעם אפעלאנט, אז ער מוז יעצט נאכקומען דיזען באשלוס.

די נאצ. ארג. קאמ. פארלאנגט אז די נאצ. גריוועגס קאם. זאל ענדערען איהרע מיטינגען פון מאנטאג אויף אן אנדער אווענד, ווייל פאר דער אר־גאניזאציאנס קאמיטע איז באקוועמער צו מיטען מאנטאג. פר. העסקעל ער־קלערט אז פאר איינינע מיטגלידער פון דער גריוועגס קאמיטע איז אומבא־קוועם צו מיטען אן אנדער אווענד, און ס'איז באשטימט געווארען אז די גריוועגס קאמיטע זאל אפהאלטען איהרע מיטינגען מאנטאג אווענד.

דער רעפארט פון דער נאצ. גריוועגס קאמיטע ווערט גוטגעהייסען.

## רעפארט פון דער סאנאטאריום קאמיטע

פר. וואהלבערג ערקלערט, אז די סאניטאריום קאמיטע איז אפיציעל אינסטאלירט געווארען דינסטאג אווענד דעם 25טען מאי. עס זיינען אויך אנוועזענד געווען אלע מיטגלידער פון דער פריהערדיגער סאנאטאריום קאם. ער (וואהלבערג) איז ערוועלט געווארען אלס טשערמאן.

פר. ספיגעלאד איז ערוועלט געווארען אלס וויים טשערמאן.

פר. וואהלבערג ערקלערט, אז רעקאמענדיישאן דעי זיינען די מיטגלידער פון דער אלטער און נייער קאמיטעס ארויסגעפאהרען אין סאניטאריום. צו דער געלעגענהייט איז אויך געגעבען געווארען א קאנצערט פאר די פא־ציענטען. אין דעם קאנצערט האבען זיך באטייליגט אונענטגעלטליך די פאלגענדע קרעפטע: מרס. האניקמאן, פון מעטראפאליטאן טעאטער, נוארק; מר. מילער, פון טהאמאשעווסקי'ס טעאטער. זיי ביידע זיינען באגלייט געווארען פון אידישען קאמפאזיטאר, סעקונדא. מיסס מישקין (פיאניסטין), מיסס עסטעלא שריינער (סאפראנא), י. אדלער (ב. קאוונער) האט פאר־געלעזען זיינע שטיפערייען און א. ליעסין, רעדאקטאר פון „צוקונפט" האט מאנטאג פארגעלעזען פאר די פאציענטען איינינע פון זיינע פאעמען.

ער ערקלערט, אז יאסעלע ראזענבלאט, דער בארימטער חזן האט פאר־שפראכען צו קומען דעם 20טען יוני צו א קאנצערט וואס וועט געגעבען ווע־רען פריי פאר די פאציענטען און געסט אין סאנאטאריום. ער וועט זיכער זיין איינער פון בעסטע פארוויילונגען וואס די פאציענטען האבען פאר די לעצטע עטליכע יאהר געהאט. יאסעלע ראזענבלאט וועט געבען זיין קאנ־צערט אונענטגעלטליך.

אויף דער רעקאמענדיישאן פון דר. פיש און פון דער אלטער סאנאטא־ריום קאמיטע איז באשלאסען געווארען צו העכערען די שכירות פון די אנגעשטעלטע אין סאנאטאריום פון 5 ביז 10 דאלאר א מאנאט.

ס'איז באשלאסען געווארען אויסצוגעפינען עס איז פארבונדען צו מאכען א פאנטע אויף די גראונדס פון סאנאטאריום. אין פאל דאס וועט קאסטען בלויז עטליכע הונדערט דאלאר וועט ברענטש 280 זיין וויליג דיזע אויסגאבען צו דעקען. די פאנטאן זאל זיין גע־ווידמעט צום פארשענערונג [illegible].

ס'איז באשטימט געווארען איינצואָרדנען א מאשין מיט קאלטע וואסער מיט סאניטארע פייפער קאפּס אין דרויסען פון די סאנאטאָריום געביידעס, כדי געבען א מעגליכקייט די געסט וועלכע קומען באזוכען דעם סאנאטאריום צו האבען א קאלטען טרונק.

די פיגנא וואס ברענטש 367 האט פּרעזענטירט דעם סאנאטאריום צו זייער 15טען יעהרליכען יובילעאום איז ארויסגעשיקט געווארען אין סאנאטאריום. עס וועט זיכער זיין א גוטער אנדענקען פון די פריינדליכקייט פון די מיטגלידער פון ברענטש 367.

פר. וואלבערג ערקלערט, אז דר. פיש האט רעזיגנירט, און ער בעט אז זיין רעזיגנאציע זאל אריין אין קראפט דעם 1טען אויגוסט. די סאנאטאריום קאָם. וועט האבען שוועריגקייטען צו געפינען א פּאסענדען דאקטאר פאר אונזער אנשטאלט. די פראגע ווערט פאַרהאנדעלט פון דער סאנאטאריום קאָם. צוזאמען מיט דער סאנאטאריום מעדיקאל עדווייזאָרי באארד. דר. האלפערן, דער עדמיטינג און וויזיטינג דאקטאר פון סאנאטאריום וועט אפּגעבען פיעל צייט נאכצוזוכען א דאקטאר אויף דר. פיש'ס פלאץ.

דער אלגעמיינער צושטאנד אין סאנאטאריום איז זעהר א גוטער.

רעפּאָרט פון דער סאנאטאריום קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער נאצ. בענעפיט קאָמיטע

פר. יאקאבי ערקלערט אז די נאצ. בענעפיט קאמיטע איז אפיציעלע אינסטאלירט געוואָהען דאנערשטאג אווענד דעם 27טען מאי. ער (יאקאבי) איז ערוועלט געווארען אלס טשערמאן פון דער קאָמיטע.

צווישען די אנדערע בענעפיט פראגען האבען זיי גענומען צו פארהאנדלען וועגען די בענעפיט פון אזא פאל:

א מיטגליד פון א געוויסען ברענטש, האט געקראגען פאר 3 יאהר בענעפיט אויף טובערקולאזיס אין דער קני. די פראגע האט זיך געשטעלט צי איז ער בארעכטיגט צו קראנקען בענעפיט אויף דער קראנקהייט, ווייל דאס איז אן אנדער טייל פון קערפּער אויף וועלכען ער האט געליטען, אדער ער איז אין גאנצען ניט בארעכטיגט צו קיין בענעפיט, ווייל יעצטיגע קראנקהייט איז א רעזולטאט פון דער פריהערדיגער. ביי דער פריהערדיגער בענעפיט קאמיטע איז די פראגע שוין אויפגעהויבען געווארען, און אנפראגען זיינען וועגען דעם געמאכט געווארען ביי דר. האלפערן און דר. הארבא, דעם ספּעציאליסט מיט וועלכען מיר באראטען זיך וועגען צווייפעלהאפטע קראנקען קייסעס. אי דאקטאר העלפערין אי דר. הארבא האבען גענטפערט אז די טובערקולאזיס אין דער קני איז א רעזולטאט פון די טובערקולאזיס אין די לונגען, און ער איז צו קיין בענעפיט ניט בארעכטיגט. די בענעפיט קאמיטע האט באשלאסען אנצונעהמען זייער ערקלערונג און האט באשטימט אין דעם פאל קיין בענעפיט ניט אויסצוצאהלען.

א מעמבער פון א געוויסען ברענטש, וועלכער האט געדיענט אין דער ארמיי האט צוגעשיקט א סטייטמענט פון אן ארמיי־האספּיטאל אין פראנקרייך, און פארלאנגט בענעפיט פאר דער צייט וואס ער איז געווען קראנק אלס סאלדאט אין דער ארמיי. לויט אונזער קאנסטיטושאן איז א מיטגליד, וועלכער וואינט אויסערהאלב די פאראייניגטע שטאאטען און קענעדע, ניט בארעכטיגט צו קיין קראנקען בענעפיט. אונזער ליגל עדווייזער איז מיט חער מיינונג, אז אין אזעלכע פעלע דארף מען געוויזענע סאלדאטען אויסצאהלען די בענעפיט, ווייל לויט זיין מיינונג, וועט דער געזעץ וואשינגטאן אויסטייטשען אז דער סאלדאט האט ניט געוואוינט אין אויסלאנד צוליעב זיין אייגענעם ווילען, נאר צוליעב די אינטערעסען פון זיין לאנד. די בענעפיט קאמיטע האט באשלאסען צו ברייגנען די פראגע צו דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו און רעקאמענדירען אז אין אזעלכע פעלע זאל די בענעפיט אויסגעצאהלט ווערען פון דעם ספּעציעלען פאנד וואס איז געבליבען פאר צאהלען די דיוס פאר די געדרעפּטעטע מיטגלידער.

פר. יאקאבי באריכטעט, אז דער מעדיקאל העפּארטמענט פון ניו יארק האט איינגעלאדען די בענעפיט קאמיטע זאל שיקען 2 פארטרעטער צו זייער יעהרליכען קאנפערענץ, וואס וועט אפּגעהאלטען ווערען זונטאג דעם 13טען יוני. אלס פארטרעטער זיינען ערוועלט געווארען פריינדע ספּייער און כאלאם.

ער ערקלערט אז די בענעפיט קאמיטע האט צונעטראטען צו די רוטינע ארבייט פון באזוכען ברענטשעס ביי וועלכע עס קומען פאר פראגען וועגען צווייפעלהאפטע בענעפיט. אויך זיינען ביי די ערשטע צוויי מיטינגען פון דער בענעפיט קאמיטע אפּגעגעבען געווארען זעהר פיעל צייט אויסצוהערען קאָמיטעס פון ברענטשעס, וועלכע קומען אפּעלירען וועגען בענעפיט פראגען.

רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער אפּיס קאָמיטע

פר. אברמס ערקלערט, אז די אפּיס קאמיטע איז אפיציעל אינסטאלירט געווארען מיטוואך אווענד דעם 26טען מאי. ער (אברמס) איז ערוועלט געווארען אלס טשערמאן פון דער קאמיטע.

פר. מאנדעל איז ערוועלט געווארען אלס וויס טשערמאן.

פר. אברמס ערקלערט, אז מיט דער וואוקס פון דער מיטגלידערשאפט, ווערט אלץ ענגער אין אפּיס, און אז די פראגע וועגען פארגרעסערען דעם אפּיס מוז איין מאל פאר אלע מאל געלייזט ווערען.

די קענעדער ברענטשעס באקלאגען זיך אלץ, אז זיי קענען ניט מאכען ווייטערע צאהלונגען אין אמעריקאנער געלד צוליעב דער געפאלענער וואליוטא פון קענעדער געלד. דער מענליכער אויסוועג דערצו איז צו ערלויבען די קענעדער ברענטשעס צו צאהלען דורך א קענעדער באנק אין קענעדע. די פריהערדיגע אפּיס און עקזעקוטיוו קאמיטעס האבען וועגען דער זעלבער פראגע געהאנדעלט און באשלאסען אז דער א. ר. וועט דורך אזא אקאונט מיט דער קענעדער באנק פארלירען א היבשע סומע געלד, און דעם פלאן צוריקגעוויזען. אויף די לעצטע קאנווענשאן אין נזארק האט וועגען די פראגע פארהאנדעלט, און קיין שטעלונג איז ניט גענומען געווארען. די אפּיס קאָם. האט דארום באשלאסען צו ענטפערען די קענעדער ברענטשעס, אז מיר בלייבען ביים באשלוס פון דער פריהערדיגער אפּיס און עקזעק. קאָם.

דער אדמיניסטריישאן פאנד האט א דעפּיזיט פון 10,213.48 דאלאר. די אפּיס קאָם. רעקאמענדירט דארום צו באשטימען א ספּעציעלען אסעסמענט פון 20 סענט צו דעקען דעם דעפּיציט, און דיזע 20 סענט זאל איינגעטיילט ווערען אין 2 קווארטאלען.

עס איז באשלאסען געווארען צו רופען די אויפמערקזאמקייט פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו אז אין קאנווענשאן רעפערענדום איז דורכגעלאזען געווארען דער פּונקט וועגען פארגרעסערען דעם קאנווענשאן פאנד אויף 5 סענט פער מעמבער פער קווארטאל.

ס'איז באשלאסען געווארען צו אינשורען געגען פייער און גנבה די באנדס אין וואלט וועלכע זיינען ניט רעדזשיסטרירט. די אינשורענס וועט באטרעפען ארום 100 דאלאר א יאהר.

איניגע מיטגלידער פון פעטערסאן האבען געקלאגט וויסען, אז ווען זיי איז לעצטענס איינגעוואנדערט אריינצונעהמען זייערע קרובים פון עלים איי לאנד, האבען די אימיגראציאנס בעאמטען זיי געמאכט שוועריגקייטען צוליעב דעם וואס זיי האבען אנגעגעבען אז זיי זיינען מיטגלידער פון א. ר. אונזער ליגל עדווייזער האט אין פארבינדונג מיט דער פראגע געשריבען א בריף צום לייבאר דעפּארטמענט אין וואשינגטאן און אנגעפרעגט אויף וועלכע גרינדע די אימיגראציאנס בעאמטע באציהען זיך אזוי צו מיטגלידער פון אונזער ארגאניזאציע.

די רעקאמענדיישאנס פון דער קאמיטע ווערען אנגענומען און דער רעפּארט ווערט גוטגעהייסען.

דער טשערמאן פריינד ישורון באריכטעט אז ער איז געווען מיט פר. באסקין אין וואלט און געפונען אלע באנדס ווי עס ווערט אנגעגעבען אין דעם רעפּארט פון אונזער אודיטאר.

דעם 30טען יוני איז ער אויך געווען פארטראגטען אין סאנאטאריום ווען די אלטע און נייע סאנאטאריום קאמיטעס זיינען דארט געווען. ער האט באגריסט די פּאציענטען אין נאמען פון דער נאצ. עקזעק. קאם.

באריכט ווערט גוטגעהייסען.

אויפ'ן פארשלאג פון פר. ישורון ווערט באשלאסען צו שיקען א באגריסונג צו די פאריער סטרייקער.

## 75 טויזענד דאלאר פאר'ן רעליעף

עס ווערט באשלאסען אנצופירען דיזען יאהר א קאמפּיין צו שאפען א פאנד פון 75 טויזענד דאלאר פאר די אידישע מלחמה קרבנות.

פר. שפּייער איינער פון קאנווענשאן סעקרעטאריאט, לעזט פאר דעם קאנווענשאן רעפערענדום וואס ווערט גוטגעהייסען מיט קליינע טעכנישע אויסבעסערונגען.

עס ווערט באשלאסען צו רעקאמענדירען צו די נאצ. כ. א. ד. אז זייער קומענדע זיצונג זאל אפּגעהאלטען ווערען דעם 2טען זונטאג אין דזשולי.

עס ווערט באשלאסען אז אין די מאנאטען יולי און אויגוסט. זאל די נאצ. עקזעק. קאם. האבען איהרע רעגעלע מאנאטליכע מיטינגען דעם ערשטען מיטוואך אין מאנאט.

## רעליעף קאָמיטע

עס ווערט באשלאסען צו ערוועהלען א רעליעף קאמיטע פון 5. אין דער קאמיטע ווערען ערוועהלט פר. וואלבערג, הייפּערלינג, מאלאט, אלטמאן און נעכאמקין.

פ. געליעבטער, רעקארדינג סעקרעטער.

---

# וואס סעקרעטערע דארפען וויסען וועגען אפּליקיישאנס פאר נייע מעמבערס.

1) אייידער איהר שיקט די אפּליקיישאן אין אפּיס, זעהט אז אלעס זאל זיין ריכטיג אויסגעפילט.

2) זייט זיכער צו שרייבען דעם קלאס צו וועלכען דער קאנדידאט וויל באלאנגען.

3) שיקט די איניטיאיישאן געלד צוזאמען מיט יעדער אפּליקיישאן. שיקט עס ניט באזונדער. נעמט אין אכט, צו שיקען יעדען מאל די ריכטיגע סומע איניטיאיישאן־געלד. פארלאנגט אויך ניט אז דער אפּיס זאל עס „טשארדזשען" אויפ'ן ברענטש רעכענונג.

4) די איניטיאיישאן געלד זיינען ווי פאלגט: קלאס 1, 4.15 דאל., קלאס 2, 2.15 דאל., קלאס 3, 2.00 דאל. און קלאס 4, 1.15 דאל.

5) זייט זיכער אנצוגעבען א בעבעפישערי פאר יעדען קאנדידאט. שרייבט דעם נאמען, אדרעס און פארוואנדשאפט. נעמט ניט אן אלס בענעפישערים: אינסטיטושאנס, ארגאניזאציאנען, אדער פּערזאנען וועלכע זיינען ניט קיין פארוואנדטע צום קאנדידאט. א חתן אדער א כלה קען מען ניט אנגעבען אלס בענעפישערי. אנגעבענדיג די בענעפישערים, שרייבט די פולע ערשטע און צווייטע נעמען.

66) דער סעקרעטער, אדער דער קאמיטע מאן, וועלכער פילט אויס פאר דעם קאנדידאט די אפּליקיישאן, דארף אונטערשרייבען זיין נאמען אלס עדות, אויף דער ליניע וואס איז אנגעצייכענט „וויטנעס".

7) קאנדידאטען אין עלטער פון 38 ביז 45, מוזען צושטעלען באווייזע, אדער מאכען אפידייוויטס, אז זיי זיינען ניט עלטער ווי אנגעגעבען אין דער אפּליקיישאן.

8) קאנדידאטען עלטער ווי 40 מוזען האבען א יורין און בלוט־דרוק עקזאמינאַישאן.

9) אין שטעדט וואו עס זיינען באשטימט ספּעציעלע דאקטוירים עקזעמינערס מוזען די קאנדידאטען עקזאמינירט ווערען בלויז ביי די עקזעמינערס, און ניט ביי קיינע אנדערע דאקטוירים.

10) עקזאמינייישאנס זיינען גילטיג בלויז 31 טעג, פון דעם דייט וואס דער דאקטאר גיט אן אין דער אפּליקיישאן, נאך 31 טעג מוזען די קאנדידאטען האבען א נייע עקזאמינישאן.

11) זייט זיכער אז א קאמיטע מאן איז אנוועזענד געווען מיט'ן קאנדידאט ביי דעם דאקטאר. דער אונטערשריפט פי'ן קאמיטע מאן מוז זיך געפינען אויף יעדער אפּליקיישאן. קרובים פון אפּליקאנטען קענען ניט דינען אלס קאמיטע לייט.

12) אויף יעדער אפּליקיישאן מוז זיך געפינען דער זיגעל פון ברענטש, אונטערשריפט פון סעקרעטער. און דייט פון מיטינג. (אין צייט פון מעמבערשיפ קעמפּעינס ווען פרעמיומס ווערען געגעבען פון אפּיס פאר אריינברינגען נייע קאנדידאטען, מוזט איהר אויך אנגעבען דעם נאמען פון פארשלאגער אויף יעדער אפּליקיישאן).

# פינאנץ בעריכט פונ'ם 78טען קווארטאל
# (יאנואר, פעברואר און מערץ 1920)

## איינגאהמע:

| | |
|---|---|
| פון ברענטשעס | $125,015.70 |
| פון מעמבערס עט לארדזש | 8,448.49 |
| איינטריט געלד פון נייע מעמבערס, ערשטע, צווייטע דריטע און פיערטע קלאסען | 11,000.00 |
| פון טראנספערס פון קלאס צו קלאס | 162.00 |
| קאנסטיטושאנס און סערטיפיקייטס | 586.80 |
| ס"ה | $140,212.99 |
| ארונטערגערעכענדיג די אפליקיישאנס פאר באשטעטיגונג פון לעצטען קווארטאל | 245.08 |
| בלייבט נעט איינגאהמע פון מעמבערס פאר דיזען קווארטאל | $139,967.91 |

## אינוועסטמענטס:

| | |
|---|---|
| אינטערעסט פון באנדס | $9,405.00 |
| אינטערעסט פון מארטגיידזשעס | 1,014.59 |
| אינטערעסט פון דעפאזיטס | 383.53 |
| סאנאטאריום דעפאזיטס (בעצאהלטע פאציענטען) | 1,375.00 |
| לייבאר ליעג פאציענטען | 240.00 |
| סאנאטאריום פארם פראדוקטען | 261.45 |
| סאנאטאריום לייף סטאק | 11.11 |
| סאנאטאריום פייערונג | $50.00 |
| סאנאטאריוםביישטייערונג | 400.00 |
| סאנאטאריום פוירניטשור און פיקסטשורס | 40.00 |

## פרייוויליגע קאנטריביושאנס:

| | |
|---|---|
| פאר די מלחמה קרבנות | 28,952.05 |
| פאר עקס פאציענטען, דענווער סאנאטאריום | 109.00 |
| פאר דענווער סאנאטאריום | 25.00 |
| פאר א. ר. קאאפעראטיוו אסאסיאיישאן | 24.15 |
| סטיל ווארקערס יוניאן | 10.00 |
| פאר ארבייטסלאזע | 14.50 |
| פאר לאס אנדזשעלעס סאנאטאריום | 5.00 |
| פאר אטאמאביל וואירקערס יוניאן | 3.00 |
| פאר נאטוראליזיישאן אייד ליעג | 2.00 |
| פאר יונייטעד דראג קלוירקס יוניאן | 2.00 |
| פאר די „עמאנסיפייטאר" | 1.00 |
| פאר די א. ר. בילדינג פאנד | 1.00 |
| פאר די א. ר. ברענטשעס | 8.50 |

## פערשיעדענע איינגאהמען:

| | |
|---|---|
| ארבייטער רינג לייברערי | 29.00 |
| ארבייטער רינג לייברערי 1918 | 70.75 |
| ארבייטער רינג לייברערי 1919—1920 | 30.75 |
| קארל מארקס ביכער | 8.10 |
| יונייטעד לייבאר עדיוקיישאנאל קאמיטע | 2.40 |
| סיטי עדיוקיישאנאל קאמיטע | 642.67 |
| אידישע שוהלען | 56.05 |
| ברענטש סופלייס | 5.50 |
| פוירניטשור און פיקסטשורס | 1.00 |
| פאר סעמעטערי דעפארטמענט | 8.57 |
| ארויסגעצויגען פון סייווינגס באנק | 823.30 |

## אומגעקעהרטע אויסגאבען:

| | |
|---|---|
| „פריינד" פאנד | 23.00 |
| קאנווענשאן פאנד | 200.00 |
| קאמפאמפשאן בענעפיט | 400.00 |
| עמוירדזשענסי פאנד | 2.02 |
| ארמיניסטריישאן פאנד | 232.30 |
| ס"ה איינגאהמע | $185,266.10 |
| באלאנס פונ'ם 31טען דעצעמבער 1919 | 116,760.66 |
| ס"ה | $302,026.76 |

## אויסגאבען:

| | |
|---|---|
| צו ברענטשעס | $12,962.97 |
| צו מעמבערס עט לארדזש | 9.64 |
| טויטען בענעפיט | 32,325.00 |
| קאנסאמפשאן בענעפיט | 8,391.93 |
| קראנקען בענעפיט (צו מעמבערס עט לארדזש) | 681.00 |

## אינוועסטמענטס:

| | |
|---|---|
| באנדס (יונייטעד סטייט וויקטארי לאאן, נאמינאלע ווערט ($90,000) | $8,410.00 |
| באנדס (קאנאדיאן נאמינאלע ווערט — 10200) | 9,363.00 |
| פוירניטשור או ןפיקסטשורס | 577.50 |

## סאנאטאריום:

| | |
|---|---|
| אויפהאלטונגס | $26,086.29 |
| בילדינג | 75.32 |
| פוירניטשור און פיקסטשורס | 335.35 |
| לייף סטאק | 143.16 |
| סאנאטאריום דעפאזיטס | 377.14 |
| סאנאטאריום אונטערהאלטונג | 210.68 |
| סאנאטאריום פייערונג | 1,374.63 |

## ארמיניסטראציאן אויסגאבען:

| | |
|---|---|
| רענט | 612.49 |
| געהאלט | 6,335.82 |
| עקסטרא אפיס ארבייט | 367.81 |
| פערשידענעס | 587.54 |
| נאציאנאלע באארד און דירעקטארען | 1,240.48 |
| גריוועגס קאמיטע | 215.62 |
| בענעפיט קאמיטע | 189.78 |
| אפיס קאמיטע | 153.34 |
| אזהיטינג דעפארטמענט | 110.57 |
| קאמיטעס | 74.15 |
| רייזע קאסטען | 230.01 |
| סטיישאנערי און ביכער | 1,309.11 |
| פרינטינג | 1,992.55 |
| אדווערטייזמענטס | 519.80 |
| טעלעפאן און טעלעגראף | 119.12 |
| בעלייכטונג | 60.00 |
| קאלעקשאן און עקסטשיינדזש | 74.44 |
| אודיטאר און עקטשוערי | 1,137.25 |
| אינשורענס פאבליקיישאנס | 1.00 |
| צו סטייט אינשורענס קאמישיאנערס פאר לייסענס | 634.81 |
| עקספרעסיידזש | 3.55 |
| נאטארי פאבליק | 3.50 |
| מעדיצינישע בעראטונג | 31.25 |
| ליגעל עקספענסעס | 1,659.00 |
| פאסטיידזש | 643.71 |

## ארגאניזאציאנען:

| | |
|---|---|
| ניו יארק סטייט ארגאניזאציאנס ארבייט | 421.55 |
| ניו דזשוירזי סטייט ארגאניזאציאנס ארבייט | 50.00 |
| פענסילווייניא סטייט ארגאניזאציאנס ארבייט | 314.05 |
| קאנעקטיקוט סטייט ארגאניזאציאנס ארבייט | 43.00 |
| מערילענד סטייט ארגאניזאציאנס ארבייט | 124.05 |
| אילינאיז סטייט ארגאניזאציאנס ארבייט | 114.03 |
| מישיגען סטייט ארגאניזאציאנס ארבייט | 6.00 |
| מינעסאטא סטייט ארגאניזאציאנס ארבייט | 47.00 |
| מיזורי סטייט ארגאניזאציאנס ארבייט | 63.55 |
| אהייא סטייט ארגאניזאציאנס ארבייט | 14.25 |
| ווירדזשיניא סטייט ארגאניזאציאנס ארבייט | 10.85 |
| קאליפארניא סטייט ארגאניזאציאנס ארבייט | 70.00 |
| וויסקאנסין סטייט ארגאניזאציאנס ארבייט | 25.00 |
| אייאווא און נעבראסקא סטייט ארגאניזאציאנס ארבייט | 23.75 |
| קענעדע | 159.62 |
| אלגעמיינע ארגאניזאציאנס ארבייט | 1,420.82 |

## פרייוויליגע ביישטייערונג:

| | |
|---|---|
| פאר די מלחמה ליידענדע | 9,057.45 |
| פאר די עקס פאציענטען דענווער | 109.00 |
| פאר דענווער סאנאטאריום | 25.00 |
| סטיל וואירקערס יוניאן | 10.00 |
| יונייטעד אטאמאביל וואירקערס יוניאן | 3.00 |
| יונייטעד דראג קלוירקס | 2.00 |
| ארבייטער רינג קאאפעראטיווע אסאסיאיישאן | 1.65 |
| ארבייטער רינג לייסעאום | 1.00 |
| „עמאנסיפייטאר" | 1.00 |

## פערשידענע אויסגאבען:

| | |
|---|---|
| „פריינד" פאנד | 7,013.97 |
| עדיוקיישאנאל ביורא | 3,238.12 |
| אידישע שוהלען | 4,147.83 |
| ארבייטער רינג לייברערי 1919—1920 | 2,200.86 |
| קאנווענשאן פאנד | 3,747.97 |
| קאנסטיטושאנס | .00 |
| איינטריטס געלד אומגעקעהרט | 22.00 |
| ברענטש סופלייס | 393.45 |
| סעמעטערי דעפארטמענט | 245.93 |
| ברענטש באנדס | 1,807.28 |
| פאסייק פאסט אפיס | 200.00 |
| אינטערעסט פון באנדס | 934.07 |
| אויסערגעוועהנליכע עמוירדזשענסי פאנד (הילף אין דער צייט פון דער מגפה) | 788.00 |
| נארדיענשיפ קליימס | 184.61 |
| ספעציעלע פאנד פאר נעדרעפטעטע מעמבערס | 25.20 |
| סעקרעטער'ס קעש פערגרעסערט מיט | 800.00 |
| ס"ח אויסגאבען | $225,273.45 |

באלאנס אין בענקס 31טען מארטש 1920:

| | | |
|---|---|---|
| טשאטהאם און פיניקס נייישאנאל בענקס | 4565.44 | |
| פארמערס לאאן און טראסט קא. | 30472.05 | |
| אירווינג נייישאנאל בענק | 32715.82 | 76,753.31 |
| ס"ה | | $302,026.76 |

## קראנקען בענעפיט:

| | | |
|---|---|---|
| אויסגעצאהלט 11739 וואכען | | $60,815.00 |
| אויסגעצאהלט 11466 וואכען צו 6 ד. | $68796.00 | |
| אויסגעצאהלט 273 וואכען צו 8 ד. | $13.00 | |

טויטען בענעפיט:

רעפארטעט אין 78טען קווארטאל

| | | |
|---|---|---|
| קלאס 1 | 71 | $28,400 |
| קלאס 2 | 32 | 6.400 |
| קלאס 3 | 17 | 3,400 |
| קלאס 4 | 12 | 1,200 |
| טאטאל | 182 | $39,400 |

געשטארבען פון:

| | | |
|---|---|---|
| טובערקולאזיס | 16 | |
| ניומאניע | 51 | |
| הארץ קראנקהייט | 10 | |
| עקסידענטס | 5 | |
| זעלבסטמארד | 2 | |
| גע׳הרג׳ט אין שלאכט | 1 | |
| פארשידענע קראנקהייטען | 32 | 132 |
| אינפלוענציע | 15 | |

פריינד אויסגאבען:

| | |
|---|---|
| פרינטינג | $1,006.77 |
| פאפיער | 4,190.16 |
| רעדאקציע | 390.00 |
| ארטיקלען | 191.50 |
| מיילינג און ראפינג | 16.50 |
| עקספרעסייזש | 98.18 |
| פאסטייזש | 9?.29 |
| סאלאריעס | 872.00 |
| סטיישאנערי | 96.40 |
| פערשידענעס | 8.15 |
| קאמיטעס | 64.94 |
| רענט | 50.00 |
| עלעקטרישע קראפט | 12.50 |
| מאשינערי | 30.00 |
| ניוספייפערס און מאגאזינס | 11.29 |
| פלייטס | 17.87 |
| קאסט | 53.51 |
| אדווערטייזינג | 2.40 |
| ס״ה | $7,208.46 |

אין קעש סטייטמענט זיינען זיי פאררעכענט אין פאלגענדע אייטעמס:

| | |
|---|---|
| פריינד | $7,039.67 |
| פאסייק פאסט אפיס | 200.00 |
| ס״ה | $7,239.67 |

צו דעם ווערט צונערעכענט פאלגענדעס:

| | |
|---|---|
| פריינד מאשינערי | 30.00 |
| רענט, יאנואר, פעברואר און מארטש | 50.00 |
| עלעקטרישע קראפט פאר די זעלבע מאנאטען | 12.50 |
| באלאנס אין פאסייק פאסט אפיס פון לעצטען קווארטאל | 183.95 |
| | $7,516.12 |
| ארונטעררעכענדיג | 7,208.46 |

בלייבט א באלאנס אין פאסייק פאסט אפיס 31טען מארטש 1920 ווי עס ווערט אנגעצייגט אינ׳ם פאלגענדעם טייבעל פון פערמעגען — $307.66

## פערמעגען און שולדען מארטש 31, 1920.

פערמעגען:

| | |
|---|---|
| באנדס (פאר ווערטה — $975,200) | $936,413.00 |
| קעש אין מאנהאטאן און פיניקס נײשאנאל באנק | 4,563.44 |
| קעש אין פארמערס לאאן און טראסט קא. | 39,472.05 |
| קעש אין אירווינג טראסט קא. | 32,715.82 |
| קעש אין מאנהאטאן און פיניקס נײשאנאל באנק (סעקרעטער׳ס אקאונט) | 2,500.00 |
| קעש אין סאנאטאריום דעפארטמענט | 2,500.00 |
| קעש אין סייווינגס בענקס | 13,627.41 |
| גאראנטירטע מארטגײדזשעס (5%) | 102,500.00 |
| סאנאטאריום בילדינגס | 95,769.41 |
| סאנאטאריום פארם | 8,500.00 |
| סאנאטאריום לייף סטאק | 1,332.05 |
| סאנאטאריום פורניטשור און פיקסטשורס | 15,308.21 |
| אפיס פורניטשור און פיקסטשורס | 4,934.84 |
| פריינד מאשינערי און פיקסטשורס | 784.76 |
| ברענטש סופליעס | 3,167.244 |
| עדיוקיישאנאל ביכער פליימס | 1,300.00 |
| פאסטייזש | 23.21 |
| באלאנס פון ברענטשעס | 15,436.14 |
| באלאנס פון מעמבערס עס לאדזש | 952.41 |
| באלאנס אין פאסייק פאסט אפיס | 307.66 |
| אויסגעצאהלטע ווייטעריב געלדער | 1,037.03 |
| טעאטריקעל פראדאקשאן (555) | 167.10 |
| ס״ה פערמעגען | $1,283,333.78 |

שולדען:

| | |
|---|---|
| נארדענשיפ קליימס | 9,557.35 |
| טויטעס בענעפיט קליימס | $3,025.00 |
| אפליקיישאנס פאר אפרואוואל | 1,262.65 |
| סעמעטערי דעפארטמענט | 189.33 |
| סאנאטאריום דעפאזיטס | 740.00 |
| רוסישע רעוואלוציאנערען פאנד | 585.25 |
| לייבאר ליעג | 500.00 |
| וואלונטערי קאנטריביושאנס | 47,377.27 |
| בענעפישיערי פון ה. הארן | 41.00 |
| בענעפישיערי פון ה. קלויפער | 41.00 |
| מ. ספערק | 112.43 |
| יונייטעד לייבאר עדיוקיישאנאל קאמיטע | 20.10 |
| סוספענס | 149.56 |
| ס״ה שולדען | $113,600.94 |
| פערמעגען איבער שולדען | $1,169,732.84 |
| ס״ה | $1,283,333.78 |

ב ר ע נ ט ש ע ס: 612

נייע ברענטשעס אינסטאלירט

צאהל ברענטשעס דעצעמבער 31, 1919 — 14

| | |
|---|---|
| 203 | ניו קאסטעל, פא. |
| 294 | מאנטרעאל, קאנאדא |
| 332 | פילאדעלפיא, פא. |
| 421 | פעטערסאן, נ. דזש. |
| 607 | עדמונטאן, קאנאדא |
| 621 | ניו יארק, סיטי |
| 622 | ניו יארק סיטי |
| 623 | ניו יארק סיטי |
| 625 | ניו יארק סיטי |
| 626 | אמאהא, נעב. |
| 630 | ניו יארק סיטי |
| 631 | וואודבוירן, נ. י. |
| 632 | ניו יארק, נ. י. |
| 633 | ראטשעסטער, נ. י. |

ברענטשעס אויפגעלייזט — 4

| | |
|---|---|
| 192 | פעטערסאן, נ. דזש. |
| 239 | באלטימאר, מד. |
| 257 | לואיסוויל, קענטאקי |
| 567 | שיקאגא, איל. |

צאהל ברענטשעס מארטש 31,1920 — 622

---

## פאר א צוויי יעהריגער קאנווענשאן מיט דירעקטע ברענטש פארטרעטערשאפט

די איצטיגע נאמינאציאן־סיסטעם פון טעריטאריעל קאנפערענץ, פאר דעלעגאטען צו די עהרליכע קאנווענשאנס, אויף ווי ווייט דאס איז גוגע שיקאגא׳ער ברענטשעס, גיט ניט צו גרויס כבוד דעם א. ר.

פאראן דא א געוויסע צאהל פריינד וואס פאהרען, יאהר איין יאהר אויס, אלס דעלעגאטען צום קאנווענשאן. מען לאזט פשוט ניט צו א פרישען פנים אלס דעלעגאט. שיקט א ברענטש צום טריטאריעל קאנפערענץ א נאמען פון א דעלעגאט וואס איז זעהר פאפולער ביי דער מאסע אלס רעדנער און שרייבער, קאמפיינעווען אט די סטעדי קאנטימער דעלעגאטען געגען דעם פערזאן ביים קאנפערענץ און לאזען איהם בלויז אופן ניט ארויף אויפ׳ן באלאט.

אויב מען קען ניט ענדערען דעם סיסטעם פון באלאט ביים טעריטאריעל קאנפערענץ, אזוי, אז דעלעגאטען מיט א פריש ווארט און א נייעם געדאנק, זאלען אויך קענען ארויף אויפ׳ן באלאט, דאן בלייבט איבער איין מיטעל, און דאס איז — צוויי יעהרליכע קאנווענשאנס מיט דירעקטע פארטרעטערשאפט פון די ברענטשעס.

עס נעהמט זעקס חדשים צייט פארבערייטען זיך צו א קאנווענשאן, און זעקס הדשים צו שטימען אלע רעזאלושאנס נאכ׳ן קאנווענשאן און עס בלייבט ניט קיין צייט אויסצופיהרען די באשלוסען. און קיין מעגליכקייט פאר די אנגעשטעלטע, פאר דער עקזעקוטיווע, אדער די פארשידענע קאמיטעס צו זעהן די ווירקונג פון די אנגענומענע רעזאלושאנס פון לעצטען קאנווענשאן.

א קאנווענשאן אלע צוויי יאהר וועט אונז געבען א דירעקטע פארטרעטערשאפט. יעדער דעלעגאט וועט רעפרעזענטירען זיין ברענטש און אלע צוזאמען וועלען ביים קאנווענשאן פארהאנדלען און אויספירען דעם וואונש פון אלע מעמבערס פון ארבייטער רינג.

א קאנווענשאן אלע צוויי יאהר וועט געבען אלע אפיס דעפארטמענטס, אלע נאציאנאל קאמיטעס א מעגליכקייט צו קריסטאליזירען זייער ארבייט, צו באפעסטיגען נייע איינריכטונגען און זארגען מעהר פאר דעם פראגרעס פון ארבייטער רינג.

א קאנווענשאן אלע צוויי יאהר וועט שפארען א מאסע אויסגאבען, עקסטע אפיס קלוירקס, ספעציעלע ברענטש מיטינגען צו שטימען איבער די רעפערענדומס; און וועט געבען א געלעגענהייט און צייט די מיטגלידער צו דיסקוטירען פלעגער צום וואהל און בעסטען אונזער סעכטיגען אידישען ארבייטער ארדען — דעם ארבייטער רינג.

לואיס ריינגאלד, שיקאגא בר. 464.

---

## מעלדונג פון בר. 292.

פאלגענדעס איז באשלאסען געווארען ביי א ספעשעל מיטינג פון אונזער ברענטש. ערשטענס, אז פון דעם ערשטען דזשולייי זאלען מיר צאהלען 10 א וואך בענעפיט און צווייטענס, זאל די טרעזשורי זיין געשלאסען פאר די קווארטאלען 79—80, ווייל אונזער פינאנציעלער צושטאנד איז זעהר א שלעכטער.

. גורעוויץ, סעקרעטער.



# דאַנק רעזאָלוציעס

בר. 612, אויסטעה־ענגריג בעאַמטע דאַנקט הערצליך די פריהערדיגע באַאַמטע פאַר זייער גוטער אַרבייט. פר. האָלאַנד טרעשורער און י. ראַזענוואַלד, סעקר.

---

ביי א ספּעציעלען מיטינג האָבען מיר באַשלאָסען אויסצודריקען אונזער דאַנק צו פר. פ. גורמאַן פאַר זיין טיכטיגער אַרבייט אין בר. פאַרקויפענדיג די גרעסטע צאָל טיקעטס צום באַל און מיר האָבען איהם פּרעזענטירט מיט א בוך.

מיר האָבען אויך באַשלאָסען אויף אונזער מיטינג דעם 16טען מאַרטש אויסצודריקען אונזער הערצליכסטען דאַנק צו פר. גענדעל פאַר זיין אַרבייט אין ברענטש אין אַלגעמיין און פאַר זיין אַרבייט צו דער לעצטער נייעגאַראַ פאָלס עקסקורשאָן.

בר. 418 טאָראָנטאָ, מ. רימש, סעקר.

ביי א ספּעציעלען מיטינג אָבגעהאַלטען פרייטאָג דעם 9טען יולי איז באַשלאָסען געוואָרען אויסצודריקען אונזער דאַנק צו אונזער פריינד מ. לאַצער פאַר זיין גוטער אַרבייט אַלס האָספּיטעלער.

מיר האָפען דאָס פר. לאַצער וועט ווייטער אויך טאָן גוטע אַרבייט פאַר דעם וואָהלזיין פון בר., כאָטש ער איז ניטש מעהר יעצט קיין האָספּיטעלער.

י. ל. פּרץ בר. 573 א. ר., ל. לעווי, סעקר.

ביי א גוט־באַזוכטען מיטינג איז איינשטימיג באַשלאָסען געוואָרען צו בעדאַנקען פר. ה. לעף פאַר זיין איבערגעגעבענער אַרבייט צום בר. אַלס פינאַנס סעקר.

מ. וויספעלד און שעגין, קאָם.

צום יעהרליכען מיטינג בעדאַנקען מיר אונזער פין. סעקר. בעני קנאַבלער, פאַר זיין גוטער און טרייער אַרבייט אַלס פין. סעקר. פון אונזער בר. און מיר האָפען אַז ער וועט פאָרזעצען אויך ווייטער זיין גוטע אַרבייט אַלס סעקר. פון אונזער בר. 132.

סעם קאָקאַלאָווסקי, ב. מאַקסאַווסקי, ת. בראַמבערג, קאָם.

ביי א ספּעשעל מיטינג פון אונזער א. ר. בר. 502 איז אָנגענומען געוואָרען א רעזאָלוציאָן, אויסצודריקען אונזער הערצליכסטען גליקוואונש צו אונזער פר. ע. ט. גאָלדבערג, און איהם צו ווינשען א מאַזל־טוב, צו זיין אָבפאָהרען פון בריזשפּאָרט נאָך ניו־יאָרק. מיר דריקען איהם מיט דעם אויס אונזער טיעפסטען דאַנק פאַר זיין צוואַנציג־יעהריגער אונערמידליכער גוטער אַרבייט, פאַר זיין גרינדען דעם ערשטען א. ר. בר. אין בריזשפּאָרט, ווי אויך בר. 502. מיר ווינשען אייך, פר. גאָלדבערג, גליק אין אייער אונטערנעהמונג און האָפען, אַז איהר וועט אַלץ שטעהן אין אונזערע רייהען, צו שאַפען א שעהנערע און בעסערע געזעלשאַפט.

יעקב פעסאַטע, משערמאַן; ה. פאָגעל, סעקר.

ביי א גוט בעזוכטען מיטינג דעם 8טען מאַי איז רעפּרעזענטירט געוואָרען פר. דזשייקאָב פּרוזשאַנסקי מיט א גאָלדענעם זייגער און קייט פאַר זיין איבערגעגעבענהייט און טעטיגקייט צום בר. און אויך צום א. ר. פאַר די לעצטע 10 יאָהר. אויך ווערען בעדאַנקט די פאָלגענדע בעאַמטע פאַר זייער איבערגעגעבענהייט און טעטיגקייט: פר. ס. קאָזיעל, פינאַנס סעק., ל. פרידמאַן, רעקאָרד. סעק., און פר. יעקב פּרוזאַנסקי, האָספּיטעלער. אויך ווערען בעדאַנקט די ארענדזשמענט קאָמ. פון דעם 10־יעהריגען יובילעאום: דזשייקאָב פּרוזשאַנסקי, סעמועל קאָזיעל, לואיס פרידמאַן, העררי קאָפמאַן, איזידאָר זינקאָווסקי, הענרי בראַון, אויך פר. אבר. פיינגאָלד און סעמועל רינגעראַן, פר. דזשאָסעף סעמעף.

ס. קאָזעל, סעק. בר. 205 א. ר.

ווערטער פר. רעד. י. ב. ביילין;

ערלויבט מיר אויסצודריקען מיין הערצליכען דאַנק צו די מעמבערס פון בר. 25 און בר. 15 ליבער ליען, בראָקטאָן, מאַסס., פאַר זייער פריינדשאַפט וואָס זיי האָבען צו מיר אַרויסגעציינט די גאַנצע צייט וואָס איך האָב זיך געפונען אין בראָקטאָן, זייענדיג א מעמבער עט לאַרדזש. איך האָב מיך זעהר גוט געפיהלט אין די ברענטשעס פון בראָקטאָן.

מעמבער עט לאַרדזש מאָררים גאָלדפאַרב.

מיר דריקען אויס א הערצליכען דאַנק צו פר. פ. טאָמקינס פאַר זיין איבערגעגעבענהייט אַלס פּראָטאָקאָל סעקר. מיר ווינשען איהם אויך גליק אין זיין נייער בעשעפטיגונג אין קליוולאַנד.

ה. ווינקלער, ציים־ווייליגער סעק

ווערטהער פר. ביילין, אין נאָמען פון בר. זיים איהר געבעטען צו געבען אונז א שטיקעל פּלאַץ אין אונזער „פריינד" צו בעדאַנקען די פאָלגענדע ברענטשעס וועלכע האָבען דאָנירט צו אונזער אַפּיעל. מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען דאַנק צו פאָלגענדע ברענטשעס;

צו 5 דאָלער: בר. 367, 3 דאָל. בר. 523, 2.50 דאָל. בר. 524; צו 2 דאָל.
בר. 248, 342, 444. צו 1.60 דאָל. בר. 287. צו 1.0 דאָל. בר. 11. צו 1
דאָלער ברס. 20, 27, 32, 38, 52, 54, 62, 65, 75, 79, 81, 90, 92, 94,
112, 120, 123, 137, 1442, 154, 158, 161, 163, 165, 173, 175, 182,
169, 1198, 200, 207, 214, 216, 266, 268, 279, 283, 297, 312, 319, 320,
344, 348, 380, 383, 408, 422, 435, 443, 475, 495, 519, 535, 537, 551,
552, 569, 573, 575, 604, 606, 618.
צו 60 סענט: ברס. 80, 467. צו 50 סענט ברס. 2, 7, 10, 13, 22,
23, 24, 28, 29, 34, 39, 42, 45, 47, 48, 53, 63, 70, 77,
87, 101, 105, 106, 110, 116, 118, 119, 121, 126,
127, 136, 140, 157, 180, 193, 206, 208, 220, 222, 223,
225, 228, 232, 234, 240, 2445, 251, 259, 264, 281,
290, 292, 295, 304, 315, 317, 318, 326, 336, 339, 362,
373, 384, 389, 390, 431, 441, 437, 473, 474, 488, 489,
496, 505, 522, 539, 531, 532, 540, 541, 544, 544, 545,
547, 554, 556, 565, 570, 574, 578, 584. 8 דאָלער אהן א
נאָמען. צו 25 סענט: ברס. 486, 71, 576, 447.

א ספּעציעל דאַנק דריקען מיר אויס צו אונזער שוועסטער־אָרגען ליבער
ליען: בר. 45 4 דאָל., צו 3 דאָל. ברס. 3, 18. צו 2 דאָל. ברס. 6, 8,
12, 16, 15, 24, 25, 50. בר. 26 1.20 דאָל., ברס. 17, 10 צו 1 דאָל.
שאַפּירא, סעק. בר. 18 א. ר.

מיר דאַנקען די ברענטשעס, וואָס האָבען זיך אָפּגערופען אויף אונזער אַפּיעל וואָס מיר האָבען אַרויסגעלאָזען וועגען אויפשטעלען א פּאַרקאַן אַרום אונזער בית־עולם.

ברענטש 312 10 דאָל., צו 5 דאָל. ברס. 165, 287, 437, 280. צו 3
דאָל. ברס. 175, 92, 21, 383, 497, 108. בר. 11 2.10 דאָל. צו צו 2 דאָל.
ברס. 557, 324, 170, 198, 469, 443, 41447, 78, 79, 414, 599, 46, 121,
22, 495, 106, 69, 118, 519, 47, 254, 475, 223, 277, 178
און בר. 415 — 2.50 דאָל. צו 1.50 דאָל. ברס. 65 און 455. צו 1 דאָל.
ברס. 220, 154, 431, 23, 322, 225, 3, 251, 127, 126,
117, 19, 488, 162, 522, 608, 578, 587, 182, 90, 128,
94, 54344, 174, 295, 2, 172, 473, 250, 121, 610, 447,
429, 313, 10, 55, 315, 384, 530, 319, 7, 502, 245,
274, 236, 353, 52, 136, 303, 137, 266, 44, 505, 258,
בר. 566 60 סענט. צו 50 סענט ברס. 40, 573, 105, 39, 317, 125, 584,
110, 320, 426, 29, 496, 27, 116, 554, 253, 286, 145,
173, 380, 441, 920, 351, 83, 255, 42, 489.
די עקז. פון דוד עדעלשטאַדט בר. 450 דענווער, קאָל., ב. ראָוז, סעק.

מיר דאַנקען די פאָלגענדע ברענטשעס וואָס האָבען זיך אָפּגערופען אויף אונזער אַפּיעל, און ספּעציעל דעם לאָנג־איילענדער בר. א. ר. וואָס האָט געוואונען די וויקטראָלאַ און האָט עס אונז צוריק אָנגעקערט, כדי נאָך אַמאָל צו ראַפלען עס.

צו 1 דאָל. ברס. 105, 251, 45, 483, 481, 126, 54, 114, 498, 502, 125,
280, 443, 587, 114, 143, 475, 489. צו 50 סענט ברס. 2, 123, 10,
282, 289, 175, 140, 258, 18, 353, 281, 207, 40, 116,
154, 106, 413, 8, 456, 94, 14, 485, 106, 242, 602,
534, 120, 133, 580, 130, 283, 488, 474, 163, 573, 295,
167, 88, 76, 570, 22, 125, 148, 202, 27, 6, 586, 386,
500, 221, 312, 55, 28, 64, 427, 358, 21, 8, 501, 429,
24, 187, 320, 121 בראָונשטיין (מיר האָבען ניט ברענטש), 197,
217, 484, 185, 582, 182, 249, 39, 79, 201, 220, 4174, 119,
5244, 16, 599, 149, 256, 74, 467, 80, 199, 225, 426, 198,
70, 545, 416 לעווין (מיר האָבען ניט דעם ברענטש), 224, 23, 228,
284, 117, 285, 250, 355, 351, 90, 342, 324, 245, 196,
288, 287, 514, 104, 49, 147, 229, 405, 75, 172, 537,
493, 273, 020 ערנער, 431, 578, 473, 375, 574, 507, 612, 447, 600,
42, 548, 591, 7, 553, 92, 87, 565, 244, 569, 205, 212,
61, 608, 348, 362, 440, נאַרדין (מיר האָבען ניט דעם בר.),
297, 554, 530, 536, 136, 173, 311, 53, 78, 496, 123,
586, 47, 63, 222, 150, 255, 101, 505, 442, 297, 531,
118, 493, 46, 277, 260, 50, 71, 96, 20, 88, 551, 325,
בר. 296 75 סענט.

פּראָג. קאָמיטעט בר. 422 א. ר. אייזענבערג, סעק.

(שלוס אויף זייט 31)

# יעהרליכער בעריכט פון ניו יארקער בילד.-קאם. פון א.ר.

דינסטאג, דעם 29טען יוני, איז אין „פארווערטס" האל אפגעהאלטען געווארען די עהרליכע קאנפערענץ פון די ניו יארקער א. ר. ברענטשעס, כדי איבערצוהערען דעם יעהרליכען באריכט פון ניו יארקער בילד. קאם. און כדי אויסצוקלייבען א נייעם קאמיטעט. כאטש ס'איז געווען א גרויסער נאס רעגען, זיינען צו דער קאנפערענץ געקומען פארשטעהער פון 70 א. ר. ברענטשעס און האבען זיך שטארק פאראינטערעסירט מיט דער בילדונגס־ארבייט פאר די א. ר. שולען. צווישען אנדערע באשלוסען האט די קאנפערענץ איינשטימיג באשלאסען, אז אלע ניו־יארקער ברענטשעס זאלען טעקסען זייערע מיטגליעדער מיט 5 סענט א קווארטאל פאר די ניו־יארקער שולען. די קאנפערענץ האט אויך אויסגעקליבען א נייע בילדונגס־קאמיטע פאר ניו־יארק, וואס וועט אנפיהרען די בילדונגס־ארבייט פאר'ן יאהר 1920־1921. די קאנפערענץ איז געווען א גרויסער ערפאלג, נעמענדיג אין באטראכט אז דאס איז געווען די ערשטע א. ר. קאנפערענץ, וואס איז גערופען געווארען צוליב בילדונגס ארבייט אין ניו־יארק.

מיר גיבען דא איבער א טייל פונ'ם באריכט, וואס דער סעקרעטער פון קאם. האט אפגעגעבען אויף דער קאנפערענץ.

אונזער בילד. קאם. איז ערוועהלט געווארען אויף א קאנפערענץ פון די ניו־יארקער א. ר. ברענטשעס זונטאג דעם 17טען אויגוסט 1919. אחוץ איינמאל, האט זיך די קאם. פערזאמעלט יעדען שבת אוונט אין אפיס פון א. ר., און האט פאר דער צייט געהאט 40 זיצונגען. אינ'ם קאמיטעט זיינען ערוועהלט געווארען פופצעהן מיטגלידער, אבער פון דער צאל זיינען עטליכע ארויסגעפאלען. די קאם. האט נאך דער ערשטער זיצונג צוגעצויגען צו זיין פארשטעהער פון יעדער א. ר. שול, פון כאר, פון דער מוזיק־שול, און פון דער פרייער אידישער פאלקס־ביהנע, אזוי אז ער איז דורך דער גאנצער צייט באשטאנען פון 14 מיטגלידער. פר. י. לשווין (פון בר. 96) איז געוועזען פארזיצענדער און פר. י. שטיינבוים (פון בר. 105) סעקר. פון קאם. לעצטענס איז פר. סענען (פון בר. 80) אויסגעקליבען געווארען אלס געהילף צום סעקר.

## די א. ר. שולען

ווען די קאם. איז אריין אין אמט, האבען מיר אין ניו־יארק געהאט דריי א. ר. שולען, איינע אין הארלעם, איינע אין וויליאמסבורג און א דריטע אין בראנזוויל. די אלע שולען האבען געהאט זייערע פארשטעהער אין אונזער בילד. קאם. און מ'פלעגט זיי העלפען מיט אלע מעגליכקייטען. אחוץ די באריכטען וואס מיר האבען באקומען יעדע וואך פון די שולען, פלעגען אונזערע פארשטעהער פון צייט צו צייט באזוכען די שולען און העלפען די פארוואלטונגען אין זייער ארבייט. אויסערדעם, האבען מיר דורכ'ן יאהר ארויסגעגעבען צעהנדליגע אנאנסען און נאטיצען פאר די שולען. די דאזיגע דריי שולען האבען פאר דער צייט דורכגעמאכט א סך שוועריגקייטען. די גרעסטע שוועריגקייט איז געווען — די גלייכגילטיגקייט פון די א. ר. מיטגלידער צו זייערע שולען. אבער א דאנק אן אנגעשטרענג־טער אגיטאציע האט זיך די לאגע געביטען צום גוטען. אין הארלעם, למשל, האבען די ברענטשעס צוזאמען מיט דער א. ר. שול אפגעקויפט א הויז אויף דער 103טער סטריט. אין דעם הויז געפינט זיך די שול, א גרויסע אידישע ביבליאטעק אויף א. וויינטער'ס נאמען, און איז אויך פארוואנדעלט געווארען אין א קולטור־צענטער פאר די הארלעמער א. ר. מיטגלידער.

אין וויליאמסבורג האט מען זיך מיט דער א. ר. שול כמעט אינגאנצען ניט אינטערעסירט. די לעצטע 5 מאנאטען אבער האבען געבראכט אן ענדערונג. אנשטאט דעם, וואס פריהער איז בלויז געווען איינער אדער צוויי מענשען, וואס האבען געארבייט פאר דער שול, איז די גאנצע ארבייט און פארוואלטונג איצטער איבערגעגאנגען אין די הענט פון עדיוקיישאנאל אליאנס, און דערפאר איז די שול אויפגעשטעלט געווארען אויף א געזונטען באדען. די פארוואלטער פון עדיוק. אל. האבען לעצטענס אפגעדונגען א ספעציעל הויז פאר דער שול אויף סימעל סט. וואו די שול וועט קענען מאכען אלע נויטיגע איינריכטונגען.

כאטש די לאגע אין דער בראנזווילער שול איז ניט אזא גוטע, ווי אין הארלעם אדער וויליאמסבורג, פונדעסטוועגען ווילען מיר באמערקען, אז אויך דארט האט זיך די לאגע געביטען. די בר. פון בראנזוויל באטראכטען איצט פאר די שול ווי זייער אייגענע, און העלפען איהר איצטער א סך מעהר ווי פריהער, כאטש ניט אזוי פיעל, ווי מ'דארף העלפען. די בראנזווילער שול האלט אליין אויס אן אייגען הויז, און פארגרעסערט און פארבעסערט זיך פון מאל צו מאל.

אונזער בילד. קאם. האט געפיהלט און פארשטאנען, אז דריי א. ר. שולען אין ניו יארק זיינען ווי א טראפען אין ים, און האט זיך דערפאר גענומען צו עפענען אזעלכע שולען דאון טאון, בראנקס, בארא פארק און קאני־איילאנד. ליידער מוזען מיר באריכטען, אז פון די אלע 4 געגענדען איז אונז בלויז געלונגען צו עפענען איין נייע שול דאון טאון. אין די אנדערע געגענדען, ספעציעל אין בארא פארק און קאני איילענד האבען זיך שולען שוין געהאלטען ביים עפענען, אבער צוליב אורזאכען, וואס זיינען ניט אפהענגיג געווען פון אונז, האט מען זיי ניט געעפענט.

אין די בראנקס האבען מיר זיך בכלל ניט גענומען צו עפענען א שול, כאטש מיר וואלטען עס געווען געטאן, ווען א פאסיגע דירה וואלט זיך געפונען. דארט עקזיסטירען 5 שלום עליכם שולען, וואס שטעהען גאנץ נאהענט צו אונזער פראגראם, און מיר האבען דערפאר דעם געגענד אפגעלאזען.

דאון טאון, ווייסט איהר דאך, ווארפט זיך ניט מיט די לייידיגע דירות. אין משך פון מאנאטען האבען מיר דארט געזוכט דירות, און ערשט לעצטען מאי איז אונז געלונגען צו קריגען א דירה אויף 86 אבטשארד סט. און דארט געעפענט א שול. די געגענד שטעלט אונז ניט צופרידען, אבער קיין אנדערן אויסוועג האבען מיר ניט געהאט.

(נאכדעם ווי דער באריכט איז אנגעשריבען געווארען, האט דער ניו־יארקער בילד. קאם. געדונגען א דירה דאון טאון אין וועלכער ס'וועט באלד ערעפנט ווערען די א. ר. שול. דאס וועט זיין די פינפטע א. ר. שול אין ניו יארק).

[illegible] האבען מיר אלזא פיער שולען, אין וועלכע עס לערנען ארום 700 קינדער.

אויסער די דאזיגע 4 א. ר. שולען, האבען מיר אין ניו יארק א פינפטע שול, וואס גיט זיך אבער בלויז אפ מיט מוזיק, דאס איז די א. ר. מוזיק־שול. דער צוועק פון דער דאזיגער שול, איז צו געבען די אידישע ארבייטער קינדער א געלעגענהייט זיך צו אנטוויקלען אויפ'ן מוזיקאלישען געביט; בשעת אין אנדערע מוזיק שולען איז דער הויפט צוועק — געלט, און וואס מעהר געלט. די דאזיגע שול האט זיך זעהר שעהן אנטוויקעלט פאר די לעצטע פאר מאנאטען. דער בעסטער בעווייז איז, וואס מיט 6—7 מאנאטען צוריק האט זי געהאט ארום 40—50 שילער, און היינט האט זי ארום 160.

## גרופען־ברענטש קאנצערטען

דער צוועק פון די דאזיגע גרופען, ברענטש קאנצערטען איז געווען, צו געבען די ניו יארקער א. ר. מיטגלידער א געלעגענהייט צו באזוכען עטליכע גוטע קאנצערטען דורכ'ן יאהר, און ס'זאל איהם גארניש ניט קאסטען. געוועהנליך, ווען א ברענטש וויל ארראנזשירען אזא קאנצערט קומט עס איהם אן זעהר שווער, און מען מוז נאך דערלייגען א סך געלט. ווען אבער עטליכע ברענטשעס ארראנזשירען א קאנצערט צוזאמען, זיינען ערשטענס די הוצאות קלענער, און ס'איז פאראן די מעגליכקייט אריינצולאזען די מיטגלידער פריי: מיר האבען פאר דער צייט ארראנזשירט 4 אזעלכע גרופען ברענטש קאנצערטען אין ברוקלין. דעם גרעסטען קאנצערט האבען מיר געהאט אין בראנזווילער לייבאר ליסעאום, הונדערטער מענשען זיינען געגאנגען צוריק, ווייל ס'איז מעהר ניט געווען קיין פלאץ אין האל. דאס זעלבע איז געווען אין וויליאמסבורג. פון די באריכטען, וואס מיר האבען געקראגען, ווייסען מיר, אז דער גרויסער עולם איז געווען העכסט צופרידען, און האט געפאדערט מעהר אזעלכע קאנצערטען. אויף יעדען קאנצערט איז אויך געהאלטען געווארען א לעקציע איבער א וויכטיגער פראגע. מיר האבען אזעלכע קאנצערטען ניט ארראנזשירט, ווייל אונזערע פינאנצען האבען דאס ניט ערלויבט. מיר דענקען, אז צום נעקסטען סעזאן, וועט מען דארפען דורכפיהרען כאטש 12 אזעלכע גרופען ברענטש קאנצערטען, און אויף אזא'ן אופן געבען יעדען א. ר. מיטגליד א געלעגענהייט בייצואוואוינען גוטע און באלערענדע קאנצערטען.

## קרעפטען פאר ברענטש אונטערנעמונגען

כמעט יעדער בר. אין ניו יארק ארראנזשירט א געוויסען קאנצערט דורכ'ן יאהר. די אויפגאבע פון נ. י. בילד. קאם. איז געווען העלפען די דאזיגע בר. מיט גוטע קרעפטען, און בכלל זעהן אז די קאנצערטען זאל גוט דורכגעפיהרט ווערען. מיר מוזען אבער גלייך זאגען, אז דאס האט זיך אונז ניט אינגאנצען איינגעגעבען. ערשטענס זיינען פאראן צופיעל בר. קאנצערטען, אז מיר זאלען זיי קענען גענוי קאנטראלירען; צווייטענס טרעפט זיך, אז עטליכע בר. מיט אמאל האבען קאנצערטען אין דעם זעלבען טאג, און דריטענס, ווייל מיר האבען ניט אונטער אונזער קאנטראל געוויסע מוזיקאלישע קרעפטען, ווי למשל, פידעל־שפילער און זינגער. געוועהנליך, ווען א בר. האט זיך צו אונז געווענדעט נאך קרעפטען, האבען מיר זיי צוגעשטעלט וואס ס'איז גאר געווען מעגליך: מאנדאלין ארקעסטער, דעם כאר, פארלעזער, דעקלאמאטארען, פארשטעלונגען, און עטליכע מאל וויאלי־ניסטען און זינגער. די פרייזען וואס מ'האט די בר. גערעכענט זיינען געווען פאר אלעמען גלייך. מיר האבען פאר'ן סעזאן געהאלפען ארום 60 בר. ס'איז פארשטעהט זיך, געמאכט געווארען עטליכע פעהלערן, און דאס איז נאטירליך. קיין אנגעשטעלטע מענשען האבען מיר ניט געהאט, וואס זאל יעדע זאך נאכפאלגען יעדען טאג. אויב ס'איז פאראן א בר. וואס האט צו אונז טענות, ווילען מיר פארזיכערען, אז אונז האט זעהר וועה געטאן אויב זייער אונטערנעמונג האט זיך ניט איינגעגעבען. אונזערע אבזיכטען זיינען געווען די בעסטע.

דער נייער קאם. וועט דארפען זעהן די גאנצע מאשינעריע בעסער איינ־ארדנען כדי אלעמען צופרידענשטעלען, און דאס וועט זיכער קענען דורכגע־פיהרט ווערען, אויב ער וועט זיך רעכענען מיט דער ערפארונג פון דעם אלטען קאם.

## קולטור־צענטער און פארומס

דער פלאן פון אונזער קאם. איז געווען: ארגאניזירען קולטור־צענטערען אין די עקזיסטירענדע א. ר. שולען. אין יעדען צענטער זאל זיין א צימער, וואו דער עולם זאל פארברענגען שפילענדיג שאך, דאמקעס, דעבאטירען, טרינקען א גלאז טיי א. אז. וו. אויסער דעם זאל איינמאל אין וואך דורכגעפיהרט ווערען א פרייער פארום מיט א קאנצערט. אויך אין דעם פאל, האבען מיר זיך געדארפט לערנען, ווייל פריהער האבען מיר אזעלכע צענטערן ניט געהאט. דעם ערשטען קולטור־צענטער האבען מיר ארגאניזירט אין וויליאמסבורג, און זעהר ערפאלגרייך דערצו. כמעט יעדע וואך איז דארט דורכגעפיהרט געווארען א לעקציע מיט א קאנצערט, פריי פאר אלעמען. דעם צווייטען צענטער האבען מיר ארגאניזירט אין דער בראנזווילער שול. אויך דא האט זיך די ארבייט זעהר גוט איינגעגעבען, ספעציעל דערפאר וואס די ארטיגע בר. האבען זיך א נעם געטאן צו דער ארבייט, און פלאנעווען דעם צענטער צו פארגרעסערן און פארשענערן. ווייל דאס הויז האט זיך געהאלטען אין רעפערירען. איצטער אבער איז דער צענטער ארגאניזירט געווארען. דארטען געפינט זיך א טיי־צימער און א גרויסע אידישע ביבליאטעק. יעדען צענטער האבען מיר געהאלפען מיט ביכער און מיט קרעפטען צו די פארומס. אין די פארומס האט אונז אויך א סך געהאלפען די פאראייניגטע אר. אויפקלערונג קאם.

אין פארבינדונג מיט די קאנצערטען און פארומס, ווילען מיר אויך באריכטען, אז מיר האבען לעצטען ווינטער ארראנזשירט צוויי טעאטער פארשטעלונגען פאר די נ. י. א. ר. מיטגלידער. איין פארשטעלונג מיט דער פרייער אידישער פאלקס ביהנע, בר. 555 א. ר. אין טאליע טעאטער, און די צווייטע דורך דער פאראייניגטער אר. אויפקלערונגס קאם. אין נייעם אידישען טעאטער. צו די ביידע פארשטעלונגען האבען מיר צוגעלייגט געלט, ווייל מיר האבען פארקויפט די טיקעטס פאר העלפט פון דעם געוועהנ־ליכען פרייז.

אבער אויסער די צוויי פארשטעלונגען, האבען מיר געגעבען יעדען א. ר. מיטגליד א געלעגענהייט צו געהן יעדען דאנערשטאג אדער שבת אין נייעם אידישען טעאטער, און זעהן א פארשטעלונג פאר האלבע פרייזען. מיר האבען דאס געטאן דורך דער פאר. אר. אויפקלערונגס קאם, וואס האט געהאט א ספעציעלען אפמאך מיט'ן טעאטער. מיר האבען פארגאנדערעשיקט צו די בר. עטליכע טויזענד קארטלאך, וואס זיינען געווען א צייכעניש, אז מ'דארף זיי פארקויפען טיקעטס צו האלבע פרייזען.

מיר האבען היי־יאהר אויך ארראנזשירט 1טע מאי קאנצערטען אין עטליכע טיילען פון שטאט.

## ר ע ד נ ע ר ־ ק ל א ס

אין אונזערע א. ר. בר. געפינען זיך א סך אינטעליגענטע מענשען, וואס וואלטען צו יעדער צייט געקאנט אנפירען א דעבאטע, און אפילו האלטען אן איינלייטונג איבער א געוויסער פראגע, ווען זיי וואלטען געוואוסט ווי אזוי מ'נעהמט צו צו דעם. זיי דארפען האבען אן אנווייזער, און דערפאר האבען מיר ארגאניזירט א רעדנער־קלאס. ס'איז באשטימט געווארען, אז דער קלאס זאל אנהאלטען 8 וואכען, אבער שפעטער האט זיך ארויסגעוויזען, אז דאס איז ווייניג און מיר האבען איהם פארלענגערט אויף 12 וואכען. אין דעם קלאס האבען זיך פארשריבען 41 א. ר. מיטגלידער, און בלויז 26 האבען

באזוכט די ערשטע לעקציע, און וואס אמאל איז די צאהל קלענער געווארען, ביז ס'זיינען בלויז געבליבען 14 מיטגלידער. די דאזיגע 14 האבען ניט דורכגעלאזען כמעט קיין איין לעקציע, און מיר ווייסען אויף זיכער, אז דער רעדנער־קלאס האט זיי א סך געהאלפען. דער לערער פון קלאס איז געווען פריינד ב. וולאדעק. נאכדעם ווי די 12 וואכען זיינען פאראיבער, האבען די מיטגלידער באשלאסען צו ארגאניזירען פון זיך א שטענדיגען רעדנער־קלוב.

## סעקרעטארען קלאס

אויב ס'איז וויכטיג צו העלפען געוויסע א. ר. מיטגלידער, אז זיי זאלען פון צייט צו צייט קענען ארויסטרעטען אלס רעדנער און אפשר נאך וויכטיגער צו הארגען דערפאר, אז מיר זאלען האבען גוטע בר. סעקרעטארען. איהר אלע ווייסט, ווי פיעל די בר. ליידען, צוליעב דעם וואס מ'האט ניט קיין גוטע סעקרעטארען. מיר האבען דערפאר געפיהלט, אז מיר דארפען ארגאניזירען אזא סעק. קלאס אין וועלכען געוויסע א. ר. מיטגלידער זאלען זיך אויסלערנען פיהרען בר. ביכער, און זיך באקאנען מיט דער גאנצער ארבייט פון א. ר. און גלייכצייטיג מיט דער ארגאניזירונג פון רעדנער־קלאס, האבען מיר אויך ארגאניזירט א סעק. קלאס. אין דעם קלאס האבען זיך פארשריבען ניט מעהר ווי 24 מיטגלידער, כאטש מיר האבען ערווארט א סך מעהר ווי אין רעדנער קלאס. ביז'ן לעצטען טאג זיינען אין קלאס געבליבען 7 מיטגלידער, וואס האבען קיין איינמאל ניט פארפעלט. געלערנט האט דער קלאס ארום 14 וואכען. די לערער זיינען געווען פר. סעמלעס און פר. גראף. אויסער דעם האבען די פריינד באסקין, און זאק פון אפיס געהאלטען עטליכע לעקציעס וועגען דער באציהונג פון אפיס צו די בראנטשעס. דער דאזיגער קלאס וועט ווייטער מוזען פארגעזעצט ווערען, אבער אויף א פארגרעסער־טען און פארבעסערטען אופן.

## שפאצירען אין מוזיאומס

נאך א וויכטיגע ארבייט, וואס מ'האט אונז איבערגעגעבען איז געווען צו ארגאניזירען באלערנדיגע שפאצירען אין די ניו יארקער מוזייאומס. די דאזיגע ארבייט, האבען מיר אפילו ניט געקאנט אנהייבען, צוליעב דעם פארבאט צו האלטען לעקציעס אין אידיש אין די שטאטישע אינסטיטוציעס. און כל־זמן דער דאזיגער פארבאט וועט ניט אראפגענומען ווערען, וועלען אזעלכע שפאצירען און לעקציעס זיין אוממעגליך דורכצופירען.

## פארבינדונגען מיט אנדערע קערפערשאפטען

אין ניו יארק עקזיסטירט א פאראייניגטע ארבייטער אויפקלערונגס־קאם, וועלעס אויפגאבע ס'איז צו פארשפרייטען בילדונג צווישען די טויזענדער אידישע און אנדער ארבייטער, דורך לעקציעס, קלאסען, קאנצערטען, א. א. וו. דער דאזיגער קאמ. איז צוזאמענגעשטעלט פון פארשטעהער פון דער ארגאניזירטער אידישער ארבייטערשאפט אין נ. י, דער א. ר. איז דארט געווען פארטרעטען דורך אונזער בילדונגס־קאם. מיר האבען זיי אלע מאל מיטגעהאלפען אנפיהרען די דאזיגע וויכטיגע ארבייט, און זיי ווידער האבען אונז אויך געהאלפען, ווען מיר האבען זיך צו זיי געווענדעט. פאר'ן קומענדיגען יאהר האט די פאר. אר. אויפק. קאמ. אויסגעארבייט א רייהע פלענער, און אויך זיי וועלען דורכגעפיהרט ווערען, וועט דאס א סך נוצען ברענגען אויך אונזערע א. ר. מיטגלידער. ס'איז אונזער מיינונג, אז דער א. ר. דארף ווייטער זיין פארטראטען, און אנטייל נעמען אין דער ארבייט.

## באציהונג צו דער ניו יארקער ארג. קאמ. פון א. ר.

גלייך נאך אונזער אינסטאלירונג, האבען מיר זיך ספיציעל געווענדעט צו דער סיטי ארג. קאמ. מיט'ן פארלאנג, אז מיר זאלען זיך אויסטוישען מיט פארטרעטער, געמענדיג אין אכט, אז ביידע קאמ. ארבייטען צווישען דעם זעלבען א. ר. עולם מיט'ן זעלבען צוועק, צו פארגרעסערען און פארשענערען דעם א. ר. מיר האבען פארשטאנען, אז אין געוויסע אונטערנעמונגען דארפען ביידע קאמ. געהן האנט אין האנט, און דורך דעם קומען צו בעסערע רעזולטאטען. מיט'ן גרעסטען פארדרוס, מוזען מיר אייך אינפארמירען, אז אונזער אנבאט צו האנדלען געמיינשאפטליך אין געוויסע פאלען, איז פון דער ארג. קאמ. צוריקגעוויזען געווארען. די אורזאכען דערפון זיינען אונז ניט באוואוסט. און א דאנק דעם האט פאר דער צייט ניט געהערשט די חבר'ישע באציהונג, וואס האט געדארפט הערשען צווישען צוויי קאמ. פון דער זעלבער ארג. לעצטענס זיינען געמאכט געווארען עטליכע שריט די דאזיגע באציהונג צו פארבעסערען. און ס'איז אונזער וואונש, אז דאס זאל קומען, וואס שנעלער, ווייל דאס וועט א סך טובות ברענגען די ניו יארקער א. ר. מיטגלידער.

## אונזער א. ר. מוזיק געזעלשאפט

פאר דער גאנצער צייט, וואס מיר זיינען געשטאנען אין אמט, זיינען מיר געווען אין די פריינדליכסטע באציהונגען מיט דער א. ר. מוזיק־געזעל־שאפט, בר. 615 א. ר. דער דאזיגער בר. פיהרט אן פאלגענדע וויכטיגע אר־בייטען: 1) האלט אויס א קינדער מוזיק־שול. 2) א מאנדאלין ארקעסטער און 3) א סימפאני ארקעסטער, אויסער דעם האט דער בר. די געוועהנליכע ארבייט פון אלע אנדערע א. ר. בר. אין דער מוזיק שול לערנען 159 קינ־דער, ס'רוב פון עלטערען, וואס באלאנגען צום א. ר. אין מאנדאלין אר־קעסטער זיינען פאראן 45 מיטגלידער, 20 פון זיי זיינען מיטגלידער אין בר. דער בר. האט 85 מיטגלידער, און 48 שפילען אויף אינסטרומענטען. דער סימפאני ארקעסטער האט 35 מיטגלידער. די פאפולערסטע אפטיי־לונג ביי דעם בר. איז דער מאנדאלין ארקעסטער. די מיטגלידער פון די ארקעסטער נעמען ניט קיין בעהאלט, און קומען שפילען צו קאנצערטען ווען מ'רופט זיי. צוליעב געוויסע אורזאכען האט דער סימפאני ארקעסטער ניט געקאנט ארויסטרעטען לעצטען סעזאן, ער ווערט אבער איצטער רעארגאני־זירט, און צום נייעם סעזאן וועט מען איהם שוין קענען באנוצען.

## דער ארב. רינג כאר.

די צווייטע אינסטיטוציע מיט וועלכער מיר זיינען פארבונדען איז דער א. ר. כאר, וואס איז ניט לאנג צוריק ארגאניזירט געווארען אין א בר. פון א. ר., בר. 625. דער דאזיגער כאר עקזיסטירט שוין כמעט זעקס יאהר, אבער ער איז נאך קיינמאל ניט געווען אזוי גוט ארגאניזירט ווי היי־יאהר. פאר'ן כאר איז ניט געווען מעגליך ארויסטרעטען אויף א סך קאנצערטען, ווייל ער האט זיך געפונען אין א צושטאנד פון רעארגאניזירונג. אבער אויף די קאנצערטען וואס ער איז ארויסגעטראטען, 13 אין צאהל, האט ער געהאט א גרויסען ערפאלג. דער כאר באשטעהט פון 79 מיטגלידער, 34 פרויען און 45 מענער.

## פרייע איד. פאלקס בינע.

א דריטע וויכטיגע אינסטיטוציע ביים א. ר. איז די פרייע איד. פאלקס בינע, בר. 653 א. ר. דער דאזיגער בר. נעמט אנטייל כמעט אין אלע א. ר. אונטערנעמונגען, דורך פארלעזער, רעקלאמאציאנען אדער דורך גאנצע פאר־

שטעלונגען. לעצטען סעזאן, האט די פר. איד. פאלקס בינע געגעבען עטליכע פאפולערע פארשטעלונגען פאר די נ. י. א. ר. מיטגלידער אויף פאפולערע פרייזען. זיי ארבייטען אויף פאר א פאלקס־טעאטער, וואו זיי זאלען קענען שפילען א גאנץ יאהר און אויפפיהרען גוטע פיעסען.

ביז אהער זיינען די דריי דערמאנטע בר. ספיציעל געשטאנען אונטער דער אויפזיכט פון נאצ. בילד. קאמ. און מיר האבען, פארשטעהט זיך, ניט געקאנט אויסאיבען דעם איינפלוס, וואס איז אפשר נויטיג געווען. מיר האבען זיך דערפאר געווענדעט צום נאצ. בילד. קאמ. מיט דער בקשה, אז אלע אזעלכע אינסטיטוציעס, וואס האבען צו טאן מיט דער שטאט ני יארק, זאלען ארונטערגעהן אונטער דער אויפזיכט פון דעם ניו יארקער בילד. קאמ. און מ'האט עס אונז באוויליגט. מיט דעם דאזיגען באשלוס, וועט די ארבייט פון אונזער נייעם קאמ. א סך פארברייטערט ווערען.

צום סוף ווילען מיר נאך באריכטען וועגען איין אונטערנעמונג וואס מיר האבען דורכגעפיהרט לעצטען מערץ, און דאס איז די אונטערנעמונג פאר די ווארשעווער קינדער־שולען. מיר האבען איינגעזעהן אז די כא־דערנע איד. שולען אין פוילען באקומען זעהר ווייניג פון די געלדער וואס ווערען געזאמעלט פאר רעליעף צוועקען. און דעריבער האבען מיר געוואלט שאפען א גרעסערע סומע פאר די דאזיגע שולען אין ווארשע. פון דער אונטערנעמונג האבען מיר קיין סך ניט געמאכט, צוליעב דעם, וואס דאס וועטער איז געווען אומגינסטיג. צוזאמען אבער מיט די סומען וואס מיר האבען באקומען פון צוויי קינדער־קלובען און פון עטליכע בר. וועלען מיר קענען אוועקשיקען א דריי הונדערט דאלאר צו די שולען. אין דעם דאזיגען קאנצערט האבען אנטיילגענומען אלע א. ר. קרעפטען, און דאס געלט וואס זיי האבען געדארפט קריגען, האבען זיי אוועקגעגעבען פאר'ן פאנד.

דאס איז אונזער באריכט. פון דעם באריכט איז צו זעהן, אז אונזער קאמ. האט זיך אנגעשטרענגט דורכצופיהרען אלצדינג, וואס מ'האט איהם איבערגעגעבען, און דורכפיהרען אויפ'ן בעסטען אופן. אבער אויסערדעם, האבען מיר צוגעגרייט א ברייט פעלד פאר גרויסע טעטיגקייטען פאר דעם נייעם קאמ. וואס איהר וועט היינט ערוועהלען. די ארבייט פון דער ניו יארקער בילד. קאמ. וועט צום קומענדיגען יאהר זיין א פיעלפאכע און א פארא[נ]טווארטליכע, און ס'וועט נויטיג זיין אז אין יעדען בר. זאל מען איהם העלפען די ארבייט דורכפיהרען. מיר זיינען זיכער, אז איהר דעלע־גאטען, וועט דאס אוודאי טאן.

י. שטיינבוים, סעק.
פון ניו יארקער בילד. קאמ. פון א. ר.

---

# האלב־יעהרליכע קאנפערענץ פון מידעל־וועסטערן דיסטריקט.

אויף אונזער קאנפערענץ, וואס איז פארגעקומען שבת און זונטאג, דעם 5טען און 6טען דושון זיינען געווען פארטראטען 5 בראנטשעס (170, 173, 186, 348 און 258) מיט 13 דעלעגאטען. עס זיינען אויסגעהערט געווארען א רייהע באריכטען פון וועלכע עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז די בראנטשעס זיינען מעהר אדער ווייניגער טעטיג אויף פארשידענע געביטען. אנדערע פון זיי (צומאל און סיו־סיטי) האבען א. ר. קינדער שולען, דער בר. אין לינקאלן, נעבר. איז טעטיג מיט זיינע אינטערעסאנטע און באזוכטע מיטינ־גען, די בראנטשעס אין סאוט־אמאהא און דע מאין זיינען אפגעשוואכט, אבער אין דעם האט געהאט א גרויסען חלק די מלחמה. איינצעלנע פארטרע־טער פון די בראנטשעס האבען געווארפען די שולד אויף דער דיסטריקט קאמ. וואס האט נישט געטאן איר ארבייט, אבער פון דעם באריכט פון דעם סעקר. פון דער דיסטריקט קאמ. האט זיך ארויסגעוויזען, אז ניכער דארף מען זוכען די שולד אין די בראנטשעס גופא. עס איז באוויזען געווארען, אז איינינע בראנטשעס האבען איגנארירט נישט גענטפערט אויף דער קא־רעספאנדענץ פון פר. סילווער, דעם דיסט. סעקר. א חוץ בר. 349, וואס איז איטער געווען, און דער היינזיכט, זעהר פינקטליך. די ארבייט האט נאטיר־ליך דערפון געליטען. אין די דעבאטען איז אבער קלאר געווארען, אז א דיסטריקט קאמיטע איז אומבאדינגט נויטיג. עס דארף נאר זיין א מער ארגאנישער און פינקטליכער צוזאמענבונד צווישען די בראנטשעס און דעם דיסטריקט.

די קאנפערענץ האט אויך אויסגעהערט אן אינטערעסאנטען באריכט פון פר. סילווער, דעלעגאט צו דער 20־ער א. ר. קאנווענשאן, פון דער מידעל־וועסטערן דיסטריקט און האט געהאט א לעבעדיגע דיסקוסיע וועגען דער פראגע פון דער נייער פרינציפען־ערקלערונג. עס איז ארויסגענומען געווארען א רעזאלוציע, וואס זאגט זיך ארויס ג ע ג ע ן דער נייער פרינציפען־ערקלערונג אלס נישט פאסענד פאר'ן א. ר.

אלס נייער סעקר. פון דיסט. ווערט ערוועהלט פר. אב. קאפלאן.

עס זיינען ערוועהלט געווארען 3 ארגאניזירערס (נ. הילל, שווארץ און זעליקאף) און 5 אגיטאטארען (וויזבערג, יאפע, קראפס, רובינשטיין און נ. הילל) צו ארגאניזירען נייע בראנטשעס און אגיטירען פאר'ן א. ר. צווי־שען דער ברייטער אידישער באפעלקערונג. אין סעקרעטאריאט ווערען ער־וועהלט 5 (מילער, זעליקאף, סילווער, רובינשטיין און איזע הילל).

דער בר. פון דע־מאין האט נעגעבען צום אויסלאז א שעהנעם באנקעט פאר די דעלעגאטען. עס איז באשלאסען געווארען, אז די נעקסטע קאנ־פערענץ זאל זיין אין לינקאלן ארום קריסמעס און נייאהר.

די דעלעגאטען זיינען זיך צופארען מיט א פעסטען גלויבען און אן ער־פאלגרייכער ארבייט פאר'ן קומענדיגען האלבען יאהר.

נ. הילל, סעק.

---

# בריעף־קאסטען

ל. ב. אמדור, בראנזוויל: אויף וויפיעל מיר קענען ערפארען האט עס פיעל צו טאן מיט דעם קאנסול. אין אלגעמיין איז גלייכער צו ווענדען זיך מיט אזא פראגע צו אונזער מעגליכער צייטונג, דעם פארווערטס.

נ. הילל, לינקאלן: ווען מיר זאלען דרוקען פראטאקאלען אנשטאט קורצע באריכטען, וואלטען מיר געדארפט האבען יעדען מאנאט אן אויסגאבע פון ווענינסטענס 200 זייטען און — אלץ פאר די קארגע 3 סענט א נומער. ענטשולדיגט פאר דער פארקירצונג.

א. גרינבער: איר זאגט אליין, אז איר זייט שוין אין א. ר. זינט דעם יאר 1912 — נו, וואלט געווען א יושר, אז איר זאלט שוין מער קיין גרינער נישט זיין. דער אדרעס איז: נאטוראליזיישאן אייד ליעג, 175 אסט בראד־וויי, ניו־יארק. איילט זיך צו, עס איז שוין ערב עלעקשאן.

פ. זעכזעל: נישט צייטיג. הויסע וועטער דארפען אויסדריקען אם ווענינסטענס שטיפלאך געדאנקען. מיר קענען עס, ליידער, ביי אייך ניט געפינען.

ל. לעווים, קיטנסטאן פארק: וועט געדרוקט ווערען ביי געלעגענהייט. עס איז עמוואס צו לאנג און מיר ווארטען אויף געראומערען פלאץ. שיקט אונז צו דערוויל עטליכע קירצערע זאכען.

---

וויפיעל פון אייערע באקאנטע זיינען ניט קיין מיטגלידער אין א. ר.? מאכט אוים א צעטיל און נעמט זיך צו דער ארבייט.

---

העלפען א פריינד אין נויט איז שעהן. צוגרייטען די הילף נאך איידער נוים האט זיך באוויזען איז — קלוג.

(ענדע פון זייט 28)

## דאנק רעזאָלוציע

ביי אַ גוט באַזוכטען מיטינג פון זוואָניק פאָדאָליער פראָגרעסיווע ברענטש 277 אַרבייטער רינג אָפּגעהאַלטען פרייטאג אָווענט, 13טען פעברואַר 1920 אין 57 סענט מאַרקס פּלייס ניו יאָרק, איז אָנגענומען געוואָרען פאָלגענדע רעזאָלוציע: נעהמנדיג אין אָנבעטראַכט דאָס בר. פיליפּ ברודזשער האָט געטריי און עהרליך געדיענט די אינטערעסען פון ברענטש פאַר די לעצטע ניין (9) מאָנאַטען אַלס דער פינאַנס סעק. פון ברענטש, וועלכען ער האָט געשטרעבט צו פאַרגרעסערען און פאַרשטאַרקערען אויף דעם גייסטיגען און אויך פינאַנציעלען געביט, וואו ער איז אימער געווען אין גוטע און פריינדליכע באַציהונגען מיט אַלע מעמבערס פון ברענטש, די אַרבייט פון ברענטש איז ביי איהם געווען אַן אידעאַליסטישע אַרבייט, זיין אויפגאַבע איז אימער געווען צופרידען צושטעלען יעדען מעמבער פון ברענטש און מיט דעם צייגען אַ ביישפּיעל פון גוטע און פעהיגע פערוואַלטונג און דאָס איז אַ דאַנק זיינע אָריגינעלע פעהיגקייטען ביז אַ הויכען גראד איהם געלונגען.

זיי עס דארום באַשלאָסען אויסצודריקען דעם דאַנק און אָנערקענונג פון אַלע מעמבערס פון ברענטש צו פריינד פיליפּ ברודזשער פאַר זיין אונערמיעדליכע אַרבייט אין ברענטש, מיר באַדויערען זעהר דעם פאַל וואָס ער האָט געמוזט אויפגעבען דעם אַמט אַלס סעק. פון בר. צוליעב זיינע פּריוואַטע ביזנעס. מיר זיינען אָבער מיט דער האָפנונג, אַז פריינד פיליפּ ברודזשער וועט אין דער צוקונפט אַזוי גוט ווי אין דער פאַרגאַנגענהייט געפונען געגוג אינטערעס אין אונזער אָרגאַניזאַציאָן מיטצואַרבייטען צוזאַמען מיט אונז אַלע פאַר דעם וואָהל און בעסטען פון ברענטש און פאַר דעם אַרבייטער רינג אין אַלגעמיין.

מיר ווינשען איהם גליק אין זיינע פּריוואַטע אונטערנעמונגען.

רעזאָלוציאָנס קאָמיטע: ה. דובערסטיין, לואיס פישמאַן.

מיר דאַנקען הערצליך די פאָלגענדע ברענטשעס וואָס האָבען זיך אָפּגערופען אויף אונזער אַפּיעל פון בר. 21 ניובורג, נ. י. פאַר אונזער סעמעטערי.

צו 5 דאָל. בר. 483, 414, 487; צו 3 דאָל. בר. 324; צו 2 דאָל. בר. 163, 153, 79, 29, 137, 587, 215, 32, 383, 495, 113, 295, 595, 475, 193, 618; צו 1 דאָל. בר. 40, 447, 173, 441, 431, 617, 429, 502, 200, 11, 311, 65, 276, 106, 362, 74, 117, 2, 315, 435, 228, 590, 534, 578, 103, 48, 223, 258, 336, 119, 118, 80, 126, 279, 167, 507, 149, 123, 62, 418, 105, 174, 320, 94, 319, 287, 532, 232, 497, 23, 600, 224, 473, 443, 185, 114, 264, 15, 236, 182, 198, 452, 373, 155, 554, 297, 3, 20, 610, 530, 38, 52, 44, 244. צו 50 ס. 500; צו 50 ס. 250, 552, 367, 169, 318, 242, 240, 573, 110, 326, 505, 70, 251, 245, 10, 295, 39, 127, 36, 64, 308, 6 584, 537, 569, 19, 474, 484, 571, 63, 384, 432, 42, 24, 28. 393, 205, 116, 29, 47, 540, 118, 496, 222, 121, 234, 488, 225 34, 570.

---

## דאנק רעזאָלוציאָן

אויף אַ גוט באַזוכטען מיטינג פון אונזער ברענטש איז באַשלאָסען געוואָרען אויסדרוקען אונזער דאַנקבאַרקייט און אָנערקענונג פאַר דער גוטער אַרבייט וועלכע אונזער פריינד קראַוועץ האָט פאַר אונז געטאָן אַלס סעקרעטער פאַר די לעצטע 5 יאָהר און אַלס מעמבער פון ברענטש. מיר ווינשען ער זאָל זיך צוריק קעהרען אין אונזערע רייהען און פאָרזעצען די נאָבעלע אַרבייט.

רעזאָלוציאָנס קאָמיטע: ב. אַלזנער, ד. גאולט.

* * *

* * *

אָרגאַניזאַציע און בילדונג זיינען דער אלף־בית וואס דער ארבייטער קלאַס דאַרף נאָך לערנען....

* * *

פון טורמע צו דער רעגירונגס־שטול — פון אטלאַנטאַ קיין וואשינגטאָן. וויפיעל מאָל האָט שוין די געשיכטע פאַרצייכענט אַזעלכע פאַקטען!

---

# רעפערענדום באַלאָט

## פרינציפּען ערקלערונג פון אַרבייטער רינג.

די נעדריקטע מאַטעריעלע לאַגע פון די אַרבייטער, און אַלס אַ רעזולטאַט דערפון די אָפטע קראַנקהייטען, האבען געבראַכט צו דער גרינדונג פון דעם „אַרבייטער רינג“, וועלכער זאָל דורך אייניגקייט, גענענזייטיגע הילפע און אויפקלערונג פאַרלייכטערען און פאַרמיידען דיעזע איבלען.

דער אַרבייטער רינג איז איבערציינגט, אַז די נויט און אָפטע קראַנקהייטען זיינען געוועהנליכע ערשיינונגען אין דעם לעבען פונ׳ם אַרבייטער, און דעריבער באַגוגענט זיך ניט דער „אַרבייטער רינג“ מיט דער גענענזייטיגער הילף נאָר ער שטרעבט צו פאַרווירקליכען די אידעע פון באַפרייען די אַרבייטער פון זייער שטענדיגער אונטערדריקונג; און דאָס איז מעגליך נאָר דאַן, ווען דער אַרבייטער וועט שטענדיג אויסנוצען זיינע רעכטע אַלס אַרבייטער און בירגער אין די אינטערעסען פון די אַרבייטער מאַסען.

פאַר דיזען צוועק באַטראַכט זיך דער „אַרבייטער רינג“ אַלס אַ טהייל פון דער אַלגעמיינער אַרבייטער באַוועגונג. ער שטרעבט צו העלפען די אַרבייטער פאַרקירצערען זייערע אַרבייטס־שטונדען און פאַרגרעסערען זייערע איינקינפטע, און דארום פאַרפליכטעט ער זיינע מעמבערס צו בעלאַנגען צו זייערע פאַך אָרגאַניזאַציאָנען. ער שטרעבט אויך צו העלפען די אַרבייטער צו פאַרשטאַרקען זייער געזעלשאַפטליכען איינפלוס אין דער געזעלשאַפט דורך די אָנערקענטע אַרבייטער אָרגאַניזאַציעס.

פאַר      נעגען

## אין די טעג פון וואקאציע.

פאר די, וואס ארבייטען וואך איין, וואך אויס גייסטיג, פאר די וואס שטרענגען כסדר אן זייער מארך איז די בעסטע וואקאציע צו האבען פאלשטענדיגע רוה פאר זייער מארך און פאר זייערע נערוועז. עס איז גלייכער פאר זיי אפילו נישט צו נעמען קיין צייטונג אין האנט פאר די צוויי וואכען, וואס זיי דארפען זיך אננעמען מיט פרישע כחות. דערפאר ווערט רעקאמענדירט פאר זיי נארמאלע פיזישע איבונגען אין פעלד, אדער אין וואלד, אויפ'ן וואסער אדער אין גארטען.

## די פארקערטע מעטאדע.

פאר די, אבער, וואס ארבייטען וואך איין, וואך אויס פיזיש; פאר די וואס שטרענגען כסדר אן זייערע מוסקולען און בויגען זיך און ברעכען זיך מיט א טייל אדער אלע אברים פון גוף — פאר די איז נויטיג פיזישער אפרוה, אדער מעסיגע און לייכטע איבונגען אין דער פרישער לופט. כדי אבער צו דערפילען אין זיך די טיילען ביי דעם מענשען, וואס עס מאכט איהם פאר א מ ע נ ש ע ן, כדי א ביסעל אפצור פרישען דעם האלב-פארראסטען מוח איז פאר זיי אומבאדינגט נויטיג צו האבען לייכטע ג י י ס ט י ג ע איבונגען.

## די ווירקונג פון פאפולער וויסענשאפטליכע ביכער

לייכט-געשריבענע וויסענשאפטליכע ביכער האבען אין זיך א טאפעלע אייגעני שאפט: זיי ב א ל ע ס ט י ג ע ן נישט דעם מארך מיט דער ש ו ו ע ר ק י י ט פון טרוקענע טעאריעס און פון דער צווייטער זייט גיבען זיי א גוטען באגריף וועגען דעם געגענשטאנד, געוואוינענדיג צו ביסלעכווייז, אין דערזעלבער צייט, דעם מוח צו באוועגען זיך און צו באנרייפען נייע, אויסערגעוועהנליכע ערשיינונגען.

## אונזערע נייע ביכער.

די ביכער וואס די עדיוקיישאנאל קאמ. פון א. ר. האט איצט ארויסגעגעבען זיינען צוגעפאסט צו מענשען, וואס הארעווען שווער א גאנץ יאהר. זיי זיינען געשריבען פאר ארבייטער, וואס ווילען זיך בילדען. זיי זיינען געשריבען פון געלערטע, וואס קענען גוט דעם ארבייטער'ס לעבען און וויסען אויסגעצייכענט זיין שפראך. אויף דער צווייטער זייט פון דעם זשורנאל וועט איהר געפינען די נעמען פון די ביכער, וואס מיר האבען ארויסגעגעבען ווי אויך זייערע פרייזען.

## וויכטיג פאר אידישע לערער

מיר האבען ערהאלטען יעצט פון ווילנא עטליכע צעהנדליג עקזעמפלארען פון דעם פעדאגאגישען חודש זשורנאל: „די אידישע שולע". 1טער און 2טער נומער. זיי ענטהאלטען א רייכען מאטעריאל הן בנוגע צו אלגעמיינע פעדאגאגישע פראבלעמען און הן בנוגע צו אינפארמאציע וועגען דער שול-באוועגונג אין פוילען, ליטא, גאליציע, אוקראינע און ווייס-רוסלאנד. דער פרייז פון א נומער איז 35 סענט.

## וויכטיג פאר עלטערען פון קינדער וואס לעזען אידיש.

מיר האבען ערהאלטען פון ווילנא עטליכע הונדערט עקזעמפלארען פון דעם קינדער זשורנאל „גרינינקע ביימעלאך", ארויסגעגעבען פון פאראייניגטען אידישען שול פאר באנד פון ליטא און פוילען. אייערע קינדער וועלען זיך געוויס פרעהען מיט אזא שעהנער מתנה. פרייז פון א נומער 15 סענט. (מיר האבען שוין 10 נומערען.)

אדרעסירט: עדיוקיישאנאל דעפארטמענט א. ר., 175 איסט בראדוויי, ניו יארק.

To the Postmaster:—Please give key number on all notifications pertaining to change of address

# FRIEND

# פריינד

## אפיציעלער ארגאן פון ארבייטער רינג




אינהאלט:



SEPTEMBER-OCTOBER, 1920. THE FRIEND סעפט.־אקטאבער, 1920.
OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMEN'S CIRCLE



# THE FRIEND

OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMEN'S CIRCLE

Published Monthly

E. H. JESHURIN, National Chairman
I. ALPERT, National Vice Chairman
L. ARKIN, Sec'y N. B. of Directors
J. BASKIN, General Secretary
P. GELIEBTER, Recording Sec'y
R. SALTZMAN, Treasurer
I. B. BAILIN, Managing Editor

Office of Publication:
11 Martha Place, Passaic, N. J.
General Office:
175 E. Broadway, N. Y. City.

Subscription Rates:
Per Annum, 50c. Six Months, 25c
Single Copy, 5 cts.

Entered as second class matter April 21, 1911, at the Post Office at Passaic, N. J.

THE FRIEND



דער פריינד

Vol. XI — SEPTEMBER-OCTOBER, 1920 — No. 9

# פון מאָנאַט צו מאָנאַט

**פּראָוויס, פּראָוויס!** אין אונזער קאָנצענטרירען זיך אויף די אונ־אויפהערליך־גרויסע וועלט־געשעהענישען, וואָס וויקלען זיך פאַר אונז, קען נאָך אָן איבעריגען מאָל דערוויזען ווערען, אַז מיר זיינען אַ פאָלק מיט אַ ברייטען אוניווערזאַלען חוש, טראָץ דעם „אתה־בחרתנו"־נגון, וואָס זינגט אין אונזער בלוט פאַר טויזענטער יאָרען. די אידישע צייטונגען און זשורנאַלען, אפילו די קאָנסערוואַטיווע, גיבען אָפּ אָפטמאָל מעהר פּראָמינענטען פּלאַץ פאַר די אינטערנאַציאָנאַלע רעוואָלוציאָנערע נייעס, ווי צייטונגען אין אַנדערע לשונות, וואָס האָבען דוכט זיך מעהר שייכות צו דעם. און עס איז נישט נאָר דערפאַר, וואָס מיר אידען, אַז עס מפוזר ומפורד, זיינען פאַרבונדען מיט ענגע פאַמיליע־קנופּען מיט יענע לענדער, נאָר אפילו, ווען מיר האָבען דאָרט נישט קיין קרוב און קיין גואל הייבט אויף אָן אונזער בלוט שטורמישער צו קאָכען, ווען עס דערטראָגען זיך צו אונז, אפילו פון גאַנץ, גאַנץ ווייט די שטורם־טענער פון אַן אויפשטאַנד געגען אונטערהדריקער. ווי יענער אַלטער פראַנצויזישער פערד וואָס האָט מיט יאָרען צוריק געשמעקט דעם ריח פון פּולווער אין קריעג, פאַרגעסט זיך מיט אַמאָל, ווען ער דערהערט די מאַרסעליעז־מוזיק, אַז יעצט שלעפּט ער אַ פּשוט'ען וואָגען און הייבט אָן צו מאַרשירען מיליטעריש, אַזוי ווירקט אויף אונז דער אָפּקלאַנג און ווידער־שאַל פון אַ מאָדערנער מאַקאַבייער טראָמפּייט...

אָבער זאָלען מיר נישט פאַרטיילען אַלע חלקים פון אונזער אויפמערקזאַמקייט אַהין, וואו מיר קענען נאָר שיקען סימפּאַטיע־בליקען אָדער צאָרן־בליצען. אונזער אויפמערקזאַמ־קייט טאָר נישט אויסגעגעבען ווערען נאָר אויף פּלאַטאָנישער ליבע, וואָס קען נישט ברענגען קיין פּרוכט.

מיר געפינען זיך דאָ אין אַמעריקאַ, אין מיטען פון אַ נאַציאָנאַלען פּאָליטישען קאַמפּיין, וואָס קען זיך נישט באַנוגענען מיט סימפּאַטיע און ווייניגער נאָך מיט אינדיפערענץ. ווי קליין עס זאָל אונז ניט אויסקוקען אונזער אייגענער דערווייליגער קאַמפּס־פּלאַץ אין פאַרגלייך מיט יענע גראַנדיעזע קאַמפּס־ליניען אין אייראָפּאַ קענען מיר דאָ, אָבער, טויזענט מאָל מעהר אויפטאָן אויף דער שמאָלער ליניע אויף וועלכער מיר שטעהען מיט אונזערע פיס איידער אויף יענע, אויף וועלכע מיר הענגען מיט אונ־זערע בליקען.

און מעגען אַנדערע אפילו זיין איבערצייגט, אַז עס איז אוממעגליך דורך דער קראַפט פון שטיקלאַך פּאַפּיר צו ערווערבען די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע מאַכט פאַר אונזער קלאַס קענען זיי אָבער בשום אופן נישט אָפּלייקענען די באַדייטונג, וואָס יעדער פּאָליטישער קאַמף, אפילו אַ פאַרשפּילטער, האָט פאַר'ן אַרבייטער־קלאַס. אַרום איהם ווערט באַשאַפען אַן אַטמאָספערע פון דיפערענץ, פון אינטערעס צו ברייטע קלאַסען־פּראָבלעמען. דורך איהם ווערט ניכר אַזוי דייטליך ווי מעגליך דער קלאַסען־כאַראַקטער פון דער רעגיערונג. אין איהם טרעטען אַרויס בולט די מעגליכקייטען און באַגרענעצטקייטען פון פּאָליטישען קאַמף אין די ראַהמען פון בורזשואַזען שטאַאַט. און ווען מיר וויקלען נאָך פאַנאַנדער פאַר די אויגען פון הונדערטער טויזענטער און מיליאָ־נען אַ ריינע און אַ ליכטיגע פאָהן פון אַ קרעפטיגען רויטען קאָ־ליר, וואָס איז אַדורכגעשטראַלט און אַדורכגעוועבט מיט די זוניג־סטע אידעאַלען פון אַרבייט — ערפילען מיר אַ וויכטיגע אויפגאַבע פון אונזער צייט. און ווען דער טרעגער פון דער פאָהן איז אַ פערזענליכקייט פון ערשטען ראַנג און ווערט פאַר־רעכענט אַלס איינער פון די בראַווסטע און שענסטע זיהן פון מענשליכען געשלעכט — ווערען מיר אויך אָנגעשטעקט מיט זיין וואונדערבאַרען מוט און גלויבען און מיר ווערען גרייט צו די גרויסע מעשים פון דער גרויסער עפּאָכע...

די גרויסע געשעהענישען אין אייראָפּאַ קענען דורך אונזער אַרבייט דאָ ווערען וועלט־געשעהענישען. דער פּראָ־לעטאַריאַט פון אַמעריקאַ קען אויף לאַנג ניט בלייבען הינטער־שטעליג. ביסלעכווייז קומט ער צו־זיך.

זאָלען זשע אַלע געטרייע און איבערגעבענע מיטגלידער פון אונזער אָרדען געפינען זיך אין דער ערשטער רייהע אין דעם קאַמף וואָס די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי פיהרט אָן אַרויסצו־נעמען יודזשין וו. דעבס פון אונטער די אַטלאַנ־טאַ'ער פּריזאָן מויערען און אַריבערפיהרען איהם אין דעם הויז אין וואַשינגטאָן, וואָס וועט נאָך אַמאָל זיין אמת ווייס, אמת ליכטיג און אמת גערעכטיג.

פּראָוויס, פּראָוויס, אַרבייטער־רינג באַטאַליאָנען אין דעם גראַנדיעזען פעלד־צוג, נישט נאָר אומצוקערען צו די מאַסען פון די פאַראייניגטע שטאַאַטען זייערע פאַרלאָרענע פרייהייטען און רעכטען, נאָר אויך זייערע שווער־פאַרהאָרעוועטע רייכטימער, זייער ערד און אוצרות, זייערע פאַבריקען און גליקען.

* * *

**פרשת זכור** אָבער אין דער היץ פון קאַמפּיין פאַר סאָ־ציאַליזם אין אַמעריקאַ זאָלען מיר אויך ניט פאַר־געסען אָן אונזערע ספּעציעלע אַרבייטער־רינג קאַמפּיינס, וואָס מיר פיהרען אָן דעם יאָר. אונזער אַרבייט פאַר דער פאַרשטאַר־קונג פון אונזער אָרדען איז אויך אַ טייל פון אונזער אַרבייט פאַר'ן סאָציאַליזם. וועלען מיר געווינען נאָך צוואַנציג טויזענט נייע מיטגלידער פאַר אונזער אָרדען — געווינען מיר נאָך צוואַנ־ציג טויזענט מענשען אָרגאַניזירט פאַר די בעסטע אידעאַלען פון אַרבייטער־קלאַס. דאָסזעלבע איז ריכטיג בנוגע צו אונזערע נאָהענטע אויפגאַבען. מיט נאָך צוואַנציג טויזענט מיטגלידער אין אונזערע רייהען וועלען אונזערע אינסטיטוציעס, סיי עקאָנאָ־מישע און סיי קולטורעלע, נאָך שענער זיך פאַנאַנדערבליהען. נייע זאַכען וועלען אונטערנומען ווערען, נייע אינסטיטוציעס וועלען אויפגעשטעלט ווערען. אונזער הילף פאַר דער רעקאָנ־סטרוקציאָנס־אַרבייט אין מזרח־אייראָפּאַ און אַנדערע פּלעצער, וואו אונזערע פאַרפאָלגטע אידען געפינען זיך, וועט קענען זיין אַן עפעקטיווערע און אַ קרעפטיגערע. מיר וועלען קענען פיעל מעהר אויפטאָן מיט ווייניגער אָנשטרענגונג פאַר יעדען איינעם פון אונז. אונזערע בילס וועלען זיין קלענער, ווייל אונזערע אויסגאַבען וועלען פּראָפּאָרציאָנעל זיין קלענער. אונזער איינ־פלוס אין דער אידישער גאַס און אין דער אַרבייטער וועלט וועט זיין נאָך פיעל באַדייטענדער ווי היינט. שוין יעצט איז דער אַרבייטער־רינג באַוואוסט אין דער גאַנצער אידישער וועלט אַלס איינע פון די מערקווירדיגסטע אידישע אַרבייטער־אָרגאַני־זאַציעס. און נישט נאָר אין דער אידישער וועלט. און נישט נאָר אין אַמעריקאַ: דער אַר. רינג איז יעצט אַן אַלגעמיין באַ־וואוסטע אינסטיטוציע און רעכענט זיך אפילו ביי זייטיגע אומ־פּאַרטייאישע באַאָבאַכטער אַלס איינע פון די ערפאָלגרייכסטע קערפּערשאַפטען אויף'ן „פראַטוירנאַל" געביט.

נישט נאָר קענען מיר, אָבער, זיך ניט באַנוגענען מיט דעם, וואָס מיר זיינען יעצט, נאָר פון אַ געוויסען שטאַנדפּונקט מעגען מיר זיך מאַכען פאָרוואורפען, וואָס מיר זיינען נישט צוויי מאָל אַזוי שטאַרק. אויף וויפיעל דער אַ. ר. איז געוואַקסען מיט דער הילף פון אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדאַ איז עס נאָר אַ ראַנק דער ענערגיע און אָפּפערווילינקייט פון עטליכע הונדערט טוער. וואָלטען אַלע מיטגלידער פון אַ. ר. עפּעס געטאָן אין יעדער מיטגלידערשאַפט־קאַמפּיין וואָלטען מיר געהאַט אַמ־ווענינסטענס אַלע אידישע אָרגאַניזירטע אַרבייטער און דעמאָ־קראַטישע אינטעליגענץ אין אונזערע רייהען.

אויב מיר וואָלטען מיד געוואָרען כסדר איבערצו'חזר'ן דעם דאָזיגען א. ב., ווי אומאַנגענעם דאָס זאָל נישט זיין, וואָלטען מיר ניט דערפילט אונזער אויפגאַבע. מיר וועלען ביי יעדער געלעגענהייט דערמאָנען אַלע אונזערע מיטגלידער, אַז עס ליגט אויף זיי אַ חוב אַריינצוברענגען אַמווענינסטענס איין נייעם מיטגליד אין אַ. ר. דורכ'ן יאָר.

די ערפאַרענע און איבערגעבענע אַ. ר. טוערס, וואָס האָ־

בן שוין געהאט דעם כבוד אריינצופירען צעהנדליגע נייע רעקרוטען אין רינג, דארפען כמעט נישט קיינע נייע רופען, קיינע נייע שלאָג־ווערטער. זיי וועלען, ווי יעדען יאָר, ווי די פלייסיגע בינען מיזאָם זאמלען און זאמלען דעם האָניג פון וועלכען עס וועט אַמאָל ארויס א שטארקייט. זיי וועלען, ווי תמיד, אריינברענגען פון אכט ביז צעהן־טויזענט אויף זייער חלק. די איבעריגע, אָבער, מוזען אריינגעבראכט ווערען פון אלע מיטגלידער צוזאמען און זאָל קיינער ניט פעהלען צו צעהלען זיך צווישען די ל ע ב ע ד י ג ע, צווישען די וואָס האָבען רויטע בלוט אין זייערע אָדערען.

זאָלען מיר גלייך אָט אין די יעצטיגע קאמפיין־מאָנאטען, אין דער אטמאָספערע פון גליהענדער אַקטיוויטעט מאכען א גרויסען אָנהייב אַקעגען דער ליניע פון הונדערט טויזענט.

זכור ואל תשכח — ה ו נ ד ע ר ט  ט ו י ז ע נ ט !

* * *

**אין סאניטאריום** ניין, נישט קיין „טראָובעל" געהען מיר יעצט דאָ אנאליזירען. עס וואָלט שוין געווען א יושר אין גאנצען אָן דעם וואָרט פארגעסען, ווען מיר רעדען וועגען אונזער סאניטאריום. אונזערע יעצטיגע פאציענטען פראָטעסטירען טאקע גאנץ שטארק, וואָס מ'דערמאָנט נאָך דאָס וואָרט „טראָובעל" אין פארבינדונג מיט'ן סאניטאריום, ווי מ'קען עס געפינען אין דעם אינטערעסאנטען באריכט פון די נאציאָנאלע דירעקטאָרען, וואָס ווערט פארעפענטליכט אין דעם נומער. פאַרקערט: אונז ציהט עס אייננאָך אונטערצושטרייכען, אז די פאציענטען, אויב ווער פון זיי שיקט עפעס אין דער רעדאקציע, זיינען פול מיט ליבע און התפעלות פאר דער אינסטיטוציע. און עס איז קיין וואונדער נים: דער פארוואלטענדער דאָקטאָר, וואָס האָט ערשט פארלאָזען דעם סאניטאריום, י. ב. פיש האָט זיי שטענדיג באוואכט מיט זיין גינציגקייט און צערטליכקייט. די באציהונגען צו די פאציענטען מצד פון דער סאניטאריום קאָמיטע, וואָס זיינען תמיד געווען קאָרדיאלע און ווארעמע, זיינען לעצטענס געווען נאָך אינטימער און היימישער.

אויב אימיצער האָט געקענט צווייפלען אין דעם פריהער וואָלט ער אָבער יעדע שפור פון צווייפעל אָפגעווישט, ווען ער וואָלט געווען צום געזעגענונג־אָווענט, וואָס איז ארראנזשירט געוואָרען לכבוד דעם אָפשייד פון דר. פיש און קבלת־פנים לכבוד דעם נייעם דאָקטאָר אנטאָנאָווסקי. אזא געגענזייטיגע ליבע און רעספעקט האָט זיך אויסגעוועבט צווישען די פאציענטען און זייערע פארוואלטער אין א. ר. סאניטאריום, אז דאָס אוועקגעהן פון דר. פיש האָט ארויסגערופען א טרערען־ריהרענדע שטימונג און האָט אויף אייביג איינגעקריצט דעם אָווענט אין די הערצער פון אלע אָנוועזענדע.

און עס זיינען נישטאָ קיין אורזאכען פארוואָס דר. אנטאָנאָווסקי זאָל די שטימונג ניט פאָרטזעצען. דערצו וועלען איהם אָהן־ספק העלפען די סאניטאריום קאָמ. אזוי גוט ווי די פאציענטען.

יעדען זומער באזוכען הונדערטער און הונדערטער ראטשניקעס פון די ארומיגע בערג דעם סאניטאריום און אנדערע פון זיי דערוויסען זיך צום ערשטען מאָל וועגען די אויפטואונגען פון אונזער אָרדען. ד ע ם זומער, א דאנק די ערשט־קלאסיגע קאָנצערטען, וואָס די סאניטאריום־קאָמיטע האָט ארראנזשירט, האָבען טויזענדער מענשען באקאנט זיך מיט דער שעהנער סאניטאריום־אינסטיטוציע און ממילא שוין אויך מיט דער ארבייט פון גיגאנטישען רינג. דער לעצטער קאָנצערט מיט מישא עלמאן האָט געמאכט אן אומפארגעסליכען איינדרוק אויף די פאָר טויזענט צושויער, צווישען וועלכע עס זיינען אויך געווען אלע פאציענטען. עפעס האָט דער פידעל־מכשף דאָס מאָל ווי ארויסגערופען די פאר'חלומ'טע בענקשאפט פון דער האלבדרעמלענדער נאכבארשאפט און האָט אלעמען אוועקגעטראָגען איבער די בערג און איבער ימים — אין די הויכקייטען, וואו עס פארפליהען נאר איינציגע געבענשטע ווירטואָזען.

זאָל דאָ נאָכאמאָל פארצייכענט ווערען, אז דער גרויסער וועלט־קינסטלער האָט נאָר געקריגען פאר זיין לייסטונג די שטורמישע, דאנקבארע אַפּלאָדיסמענטען, וואָס האָבען אויפגעוועקט פון זייער לאנגען, לאנגען שלאָף די פעלזען־בערג פון ארום.

* * *

**אין דעם בילדונגס־דעפּאַרטמענט** מיט דער נאָהענטקייט צום ווינטער־סעזאָן הייבט זיך אָן פארשטארקען די טעטיגקייט פון אונזער בילדונגס־דעפּארטמענט. עס ווערען שוין צוגעגרייט לעקטאָרס, עס ווערען ארויסגעשיקט די ערשט־ארויסגעגאנגענע ביכער. נייע קינדער־שולען עפענען זיך און די ארבייט פון דעם דעפּארטמענט צוואַקסט זיך מיט יעדען טאָג. די עדיוקיישאָנאל קאָמ. האָט שוין דורכגעפירט דעם באשלוס פון לעצטען שול־צוזאמענפאָר וועגען גרינדען א שול־קאָמיטעט, וואָס זאָל זיך אויסשליסליך באשעפטיגען מיט דער שול־ארבייט. די שולען, ווי אויך די ברענטשעס וואָס האלטען אין גרינדען שולען, קענען זיך ווענדען מיט אלע אָנפראגען צו דעם עקז. סעקר. פון דער שול־קאָמיטעט (וואָס איז אויך דער סעקר. פון דער נאציאָנאלער עדיוקיישאָנאל קאָמ.) סיי בנוגע פראגען פון פּראָגראם, טעכנישע איינשטעלונג, שול־מכשירים, לערער, נויטיגע ביכער א. אז. וו., אָדער צום פאָרזיצער פון שול־קאָמיטעט יעקב לעווין.

עס ווערען געמאכט אויך פּאָרבארייטונגען אָנצוהייבען א קינדער־זשורנאל, ווי אויך א לערער־סעמינאר אין די נעקסטע עטליכע וואָכען. איינצעלהייטען קענען נאָך דערווייל נישט געגעבען ווערען.

וואָס עס דארף פאראינטערעסירען אלע אקטיווע א. ר. טוער פון ניו־יאָרק און אומגעגענד, וואָס קענען אביסעל ענגליש, איז די ספּעציעלע 26 „סקאלערשיפּס", וואָס די עדיוקיישאָנאל קאָמ. גיט פאר א רענד־סקול קורס. אין א צווייטען אָרט אין דעם נומער איז פאראן וועגען דעם א ספּעציעלער נאָטיץ, וואו עס ווערען איבערגעגעבען אלע איינצעלהייטען פון אָט דעם ווירקליך־שעהנעם געדאנק וואָס די נאציאָנאלע עדיוקיישאָנאל קאָמ. מאכט פאר די אקטיווע און ענערגישע טוערס.

מיר האָבען גע'פּועל'ט ביי דער רענד־סקול צו פארלענגערען אביסעל דעם טערמין, וואָס איז לכתחילה געשטעלט געוואָרען. פונדעסטוועגען איז נויטיג זיך צו־צואיילען. שרייבט זיך גלייך אדורך מיט דער עדיוקיישאָנאל קאָמ. און איר וועט קריגען די נויטיגע אינפאָרמאציע.

א פאָלשטענדיגער סעט פון די זיבען גרויסע ביכער, וואָס די נאצ. עדיוקיישאָנאל קאָמ. האָט יעצט ארויסגעגעבען וועט ווערען ארויסגעשיקט, אלס מוסטער, צו אלע ברענטש־סעקרעטארען. יעדער מיטגליד, וואָס וויל אָרדערען אלע ביכער פאר זיבען דאָלער וועט האָבען די מעגליכקייט צו זעהן זיי. דער באטרעף פון סעט וועט ווערען צוגעשטעלט צו דעם ברענטש'ס ביל.

* * *

**געזונט און ברויט** צוויי אינטערעסאנטע און פיעל צוזאָגענדיגע קאָאָפּעראטיווע אונטערנעמונגען פון די א. ר. ברענטשעס אין ניו־יאָרק האָבען זיך לעצטענס ארויסגערוקט אין פאָדער־גרונד פאר דער אויפמערקזאמקייט פון די א. ר. טוער.

די ערשטע איז די א. ר. קאָאָפּעראטיווע געזעלשאפט, וואָס צעהלט שוין צעהנדליגע אָנגעשלאָסענע ברענטשעס, פאראייניגט פאר א רייהע פון קאָאָפּעראטיווע טעטיגקייטען; די ערשטע אונטערנעמונג וועט זיין א גראנדיעזע בעקעריי אין דער בראָנקס, וואָס וועט באזאָרגען די אידישע ארבייטער־מאסען מיט א גוטען און געזונטען פּראָדוקט — מיט ברויט.

עס איז אונז שוין איינציגע מאָל אויסגעקומען אין די ציילען צו שרייבען וועגען דער באוועגונג און אָנצואווייזען אויף די גרויסע מעגליכקייטען וואָס זיינען אין איהר באהאלטען. עס איז אָבער ביז איצט נאָר געווען א מעהר אָדער ווייניגער אבסטראקטע אידעע, און איז ניט געווען מסוגל צו געווינען פאר זיך די אויפמערקזאמקייט פון די מאסען. יעצט אָבער איז עס שוין א זאך פון בלוט און פלייש. די בעקעריי איז שוין געקויפט. זי וועט גלייך געלאָזט ווערען אין פולען שוואונג און עס דארף געגעבען ווערען די גרעסטע אויפמערקזאמקייט מצד פון די ברייטסטע טויזענטער מיטגלידער פון אונזער אָרדען. קיין ברענטש וואָס קוקט נאָר אויף זיך ווי א טרייער היטער פון די פּרינציפּען פון א. ר. טאָר זיך ניט פארפעהלען אָנצושליסען מיט א היבשען חלק שערס.

די צווייטע איז די אונטערנעמונג פאר קאָאָפּעראטיווע מעדיצין אין ניו־יאָרק, אָדער ווי עס איז בעסער באקאנט אונטער'ן נאָמען: „דער דיסטריקט מעדיקאל דעפּארטמענט". פאר דער קורצער צייט פון דעם דעפּארטמענט'ס עקזיסטענץ זיינען שוין אָן איהם אָנגעשלאָסען 170 ברענטשעס מיט א מיטגלידערשאפט פון איבער ז ע כ צ ע ה ן טויזענט. ער האָט צו זיין דינסט ד ר י י ס י ג דאָקטוירים, וואָס אָפּערירען אין די צוטיילטע דרייסיג דיסטריקטען פון ניו־יאָרק.

דער לעצטער אויפטו פון דעם דעפּארטמענט פאָדערט אָבער ס פ ע צ י ע ל ע אויפמערקזאמקייט. ער אָרגאניזירט יעצט א באזונדערע אָפּטיילונג פון ספּעציאליסטען פאר אלע א. ר. מיטגלידער, וואָס זיינען אָנגעשלאָסען אָן דעם דעפּארטמענט. די הילפלאָזיגקייט פון דעם דורכשניטליכען ארבייטער אין דער צייט, ווען ער, אָדער איינער פון זיין פאמיליע דארף

ומען צו אַ גרויסען ספּעציאַליסט איז אַ גאַנץ באַקאַנטע זאַך. פיעל ספּעציאַליסטען קען מען ניט צוקומען פאַר ווייניגער 20 דאָלער אַ וויזיט. אָפּעראַציעס פּלעגען מיט זיך אָפּט נגען די פאַרזעצונג פון די לעצטע קישענס און דאָס נאָך פון הענט פון צווייפעלהאַפטע כירורגען.

דער א. ר. מעדיקאַל דעפּאַרטמענט אָרגאַנזשירט מיט אוי־ ימטע ספּעציאַליסטען צו קריגען זיי פאַר די אָנגעשלאָסענע ר. מיטגלידער פאַר אַ פּרייז, וואָס וועט זיין צוגענגליך אַפילו דעם מאַגערען ארבייטער־פּאַקעט. דאָסזעלבע איז בעצוג אָפּעראַציעס. אַנדערע ספּעציאַליסטען ווילען נאָר איינגאַנצען ם רעכענען פאַר אָפּעראַציעס, זיי וועלען זיי מאַכען אין זייערע גענע האָספּיטעלער.

אָט דער נייער אויפטו וועט געוויס פּראַאינטערעסירען כו יענע ברענטשעס, וועלכע האָבען נאָך ביז איצט קנאַפּ מערקזאַמקייט געשענקט צו דער ענטוויקלונג פון דער נייער כטיגער קאָאָפּעראַטיווער א. ר. אינסטיטוציע.

* * *

אַר ווערטער ען „פריינד"

דער פאַרגרעסערטער טעקס פון 6 סענט אַ קוואַרטעל פאַר'ן „פריינד" איז מיט אַ באַ־ דייטענדער מאַיאָריטעט נידערגעשטימט גע־ ־ען. זאָל עס זיין, אַז דער גרעסטער טייל מיטגלידער וואָס זיך באַטייליגט אין שטימען האָט מיט דעם געמיינט צו ען: דער „פריינד" איז ניט ווערט קיין עקסטראַ 5 סענט ־ן קוואַרטעל ! אין דער צייט וואָס דער פּרייז פאַר דרוק־ ייט איז פאַרגרעסערט געוואָרען אויף 160 פּראָצענט און יר אויף פינף הונדערט פּראָצענט זאָל דער פריינד אַלץ נאָך בען 32 סענט אַ יאָר, אָדער קנאַפּע 3 סענט אַ נומער ! וואָלט די איצטיגע רעדאַקציע פאַר די לעצטע 2½ יאָר ניט ומען מער ערמוטיגונג און אַנערקענונג, ווי זי האָט עס באמת דינט; וואָלט זי ניט געהאַט אורזאַכען צו דענקען, אַז דער סטער טייל לעזער פון „פריינד" זיינען מיט איר צופרידען; ט זי באַקומען פאַר דער גאַנצער צייט כאָטש עפּעס מער ווי צ ו ו י י אומגינסטיגע מיינונגען וועגען „פריינד" — וואָלט עווים אָנגענומען די דורכוואַרפונג פון דעם טעקס אַלס אַ וואַרפונג פון דער יעצטיגער „פריינד"־פּאָליסי און רעדאַק־ דער פאַקט איז אָבער אַ פאַרקערטער: די צוויי אויסדרוקען אומצופרידענהייט, פאַר דער גאַנצער צייט, איז דאָך דער־ קען געוואָרען צווישען הונדערטער און הונדערטער בריף צופרידענהייט און איבערטריבענע לויב־געזאַנגען. מיר האָ־ אַ קורצע צייט געדרוקט די בריף, אָבער, ווען זיי האָבען אָנגעהויבען אָנקומען אין צו גרויסע צאָלען האָבען מיר געהאַלטען פאַר איבעריג צו דרוקען זיי. מיר האָבען עס ־אַכט אַלס אַ באַשיינפּערליכע באַשטעטיגונג פון דער נייער סי.

פון דער צווייטער זייט האָבען מיר לעצטענס געקריגען זעהר פאַרוואורפען פון פאַרשידענע ברענטשעס פאַרוואָס זייערע מיטגלידער קריגען ניט רעגולער דעם „פריינד". אָהן ספק קומען די גרויסע צאָל פאַרוואורפען דערפאַר, וואָס צוליב דער שלעכטער סיטואַציע פון פּאַפּיר האָבען מיר איבערגעהיפּט דריי נומערען אין פאַרלויף פון אַ האַלבען יאָר און צוליב דעם פּרעס־סטרייק און שניי־זאַווערוכע אין ניו־יאָרק זיינען צוויי נומערען פאַרהאַלטען געוואָרען אויף וואָכען לאַנג ביז זיי האָבען געקענט ארויסגעשיקט ווערען.

איינינגע רעזאָלוציעס וואָס מיר האָבען ערהאַלטען פון ברענ־ טשעס באַשטעטיגען די השערה. אין זיי זאָגט זיך אויסדריקליך: „מיר שטימען איינשטימיג געגען דעם פאַרגרעסערטען טעקס פאַר'ן „פריינד" ניט דערפאַר וואָס מיר זיינען אומצופרידען מיט דער רעדאַקציע פון אונזער אָרגאַן, נאָר גראָד פאַרקערט: דער־ פאַר, וואָס דער „פריינד" קען טאָן פיל גוטס צווישען די מיט־ גלידער, דערפאַר, ווייל די מיטגלידער ו ו י ל ע ן איִם ער־ האַלטען און פאָדערען איִם כסדר, נאָר ערהאַלטען איִם ניט. מיר דריקען אוים מיט דעם אונזער פּראָטעסט געגען דער אומאָרדנונג וואָס הערשט אין דער עקספּעדיציע פון אונזער זשורנאַל".

אונז דוכט, אַז דאָ קומט פאָר דיזעלבע געשיכטע ווי מיט לודוויג דעם 16־טען. ער אַליין, זאָגט מען, איז גראָד געווען אַ מלך־של־חסד, אַ גוטמוטיגער און ערליכער הערשער, אָבער דער צאָרן פון פאָלק האָט געטליעט אין זיין הארצען נאָך פון פריהער און האָט זיך אויסגעגאָסען אויף זיין קאָפּ. מיר זיינען איבער־ צייגט, אַז קיינמאָל פאַר די לעצטע עטליכע יאָר, און אפשר פאַר דער גאַנצער צייט, זינט דער „פריינד" עקזיסטירט, איז נאָך די אַדרעסען־ליסטע ניט געווען אַזוי אין אָרדנונג, ווי זי איז איצט. (דאָס מיינט אויף קיין פאַל ניט צו זאָגען אַז איצט איז זי שוין אין פאָלשטענדיגער אָרדנונג, ס'איז נאָך ו ו י י ט פון דעם). אָבער דאָס וואָס זיי האָבען ניט ערהאַלטען אין צייט פאַר די פאָריגע ווינטער־מאָנאַטען איז נאָך אַלץ ניט פאַרגעסען געוואָרען און דאָס האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם לעצטען רעפערענדום.

מיט גרויס באַדויערען ערקלערען מיר, אַז צוליב דעם זיינען מיר געצוואונגען צו פאַרקלענערען דעם אינהאַלט, אַזוי גוט ווי די זייטען, פון „פריינד". וואָלטען מיר באַקומען 13 סענט אַ קוואַרטעל אַנשטאָט די 8 סענט, וואָס מיר בעקומען יעצט, וואָל־ טען מיר אומשטאַנד געווען פיל, פיל צו פאַרגרעסערען און צו פאַרשענערען אונזער אָרגאַן.

דערווייל וועלען מיר, מיט אַ בלוטיגען הארצען, דאַרפען פייערען דעם 10־יעריגען יובילעאום פון „פריינד" (וואָס וועט פאָרקומען דעם, נעקסטען מאָנאַט) מיט אַ פאַרקלענערטען און איינגעשרומפּענעם אָרגאַן, אין דער צייט, וואָס אונזער אָרדען האָט זיך אין די צעהן יאָר פאַרגרעסערט מער ווי אין צוויי מאָל.

מיר טוען עס, ווייל מיר קענען ניט פאַרגרעסערען דעם שוין אַזוי אויך היבשען דעפיציט פון „פריינד"־פאָנד. מיר וועלען פאַרקלענערען פון יאַנואַר אָן דעם פאָרמאַט, ביז די נעקסטע קאָנווענשאָן וועט געפינען וועגען און מיטלען ווי אַזוי אומצוקערען, אַמוועגינסטענס, דעם „פריינד" צו זיין פריהערדיגען „סטאַנ־ דאַרט".

נ י ל י י ב:

# דער ארבייטער רינג

(הימנע)

ניט פון גאָלד איז דער ליכטיגער רינג,
אונזער רינג, אונזער רינג, —
נאָר ווי גאָלד איז די פּראַכט, וואָס פאַרבלענדט
פון דעם רינג, אונזער רינג;
און דער כישוף, וואָס ליגט אין זיין פּראַכט
כשופ'ט וואונדער אין אונזערע הענט,
ווייל דער רינג, אונזער רינג
איז דער ארבייטער רינג.

און די לויטערע פּראַכט, וואָס פאַרבלענדט
פון דעם רינג, אונזער רינג —
אונזער פריינדשאַפט, וואָס לייכט און באַזעלט
אונזער קאַמף פאַר אַ שענערער וועלט.
אונזער רינג,
אונזער רינג,
אונזער ליכטיגער רינג!
אונזער רינג,
אונזער רינג,
אונזער ארבייטער רינג!

ניט פון שטאָל איז דער ליכטיגער רינג,
אונזער רינג, אונזער רינג, —
נאָר ווי שטאָל אין דעם פייער צוגליט
איז דער רינג, אונזער רינג.
און פון גראָבע, פאַרמאַטערטע הענט
איז דער רינג, ווי מיט האַמערס געשמידט,
ווייל דער רינג, אונזער רינג
איז דער ארבייטער רינג.

און דער רינג איז אין פייער צוגליט,
אונזער רינג, אונזער רינג —
אין דעם פייער פון פרייען פאַרשטאַנד;
און איהם שמידט און איהם האַמערט די נויט,
מיט איהר שווערער און אייזערנער האַנט.
אונזער רינג,
אונזער רינג,
אונזער ארבייטער רינג!
אונזער רינג, אונזער רינג,
אונזער ליכטיגער רינג!

# שטאַאַט־סאָציאַליזם און די ארבייטער־באַוועגונג

פון א. ש. זאַקס.

אויף דער לעצטער קאָנווענשאָן פון דער אמעריקאַן פעדערײשאָן אָוו לייבאָר אין מאָנטרעאָל איז פאָרגעקומען א שטאַרקע און היציגע דעבאַטע איבער דער פראַגע, צי די ארבייטער זאָלען פאָדערן, אַז די אייזענבאַנען זאָלען איבערגעהן אין די הענד פון שטאַאַט אלס שטאַאַטס־אייגענטום, אָדער ניט.

דער „פּלאָמב פּלאַן", וואָס האָט די לעצטע פּאָר יאָהר פאַרנומען א שטיקעל פּלאַץ אין מזרח־וואַנד פון דער פרעסע, האָט שטאַרק נושא־חן געווען ביי מאַנכע ארבייטער פיהרער, וועלכע זיינען בקומרשט ראַדיקאַל געניינט. און אָט די „ראַדיקאַלע" לידערס האָבען מיט א באַדייטענדער מאַיאָריטעט אריבערגעשטימט זייער קאָנסערוואַטיווען פיהרער שמואל גאָמפּערס, וועלכער איז שטאַרק ארויסגעטרעטען קעגען דעם, אַז די אייזענבאַנען זאָלען ארויסגענומען ווערען פון פּריוואַטע הענד און זאָלען ווערען פאַרוואַלטעט פון דער צענטראַלער רעגירונג.

די אידישע יוניאָנס האָבען, פאַרשטעהט זיך, אונטערגעשטיצט די „ראַדיקאַלען" און האָבען מיטגעהאָלפען גאָמפּערס' מפּלה.

אַז דער אַלטער פיהרער פון דער אמעריקאַן פעדערײשאָן אָוו לייבאָר האָט פאַרדיענט אַזאַ אָבשנײַט — אין דעם וועלען קיין צוויי מיינונגען ניט זיין. גאָמפּערס ברייננט מיט זיין אלטער אָבגעלעבטער שתדלנות־ און הינטערטיר־פּאָליטיק ניט ווייניג שאַדען דער אמעריקאַנער ארבייטער באַוועגונג. די פיער מיליאָן אָרגאַניזירטע ארבייטער האָבען ביי א מטהיגען און קרעפטיגען ארויסטרעט געקענט בילדען די שטאַרקסטע מאַכט אין לאַנד, וואָס וואָלט דיקטירט די אויסערליכע און אינערליכע פּאָליטיק פון לאַנד. גאָמפּערס שוואַכט אָבער מיט זיין טאַקטיק אָפּ די קאַמפּס־ענערגיע פון די ארבייטער, אנשטאַט צו געהן מיט זיי פאָראויס, שלעפּט ער זיך נאָך פון הינטען. די רעפּובליקאַנישע און דעמאָקראַטישע פּאַרטייען פאָהרען אויף זייערע גרויסע אויטאָמאָבילען, און גאָמפּערס קריכט מיט זיין אלטען וואָגען, וואו די פאַרטרעטער פון די ארבייטער בעטלען, שנאָרען געוויסע חסדים ביי די פּאָליטישענס פון ביידע לאַגערן.

זיין דורכפאַל אויף דער לעצטער קאָנווענשאָן וועט קיין רעכט־דענקענדער מענש ניט באַדויערן. עס איז בלויז צו באַדויערן, וואָס ער איז דורכגעפאַלען גראַד דאָרטען, וואו ער האָט ניט באַדאַרפט דורכפאַלען. אויב די „ראַדיקאַלען" האָבען אויף דער קאָנווענשאָן געוואָלט דעמאָנסטרירען, אַז גאָמפּערס קען אויך אַמאָל ווערען נידערגעשטימט, איז זייער צוועק דערגרייכט געוואָרען. אויב אָבער זיי מיינען, אַז מיט זייער רעזאָלוציע צו פאַרשטאַאַטליכען די אייזענבאַנען האָבען זיי איינגענומען א ראַדיקאַלע פעסטונג — האָבען זיי, במחילה, א טעות.

מיט דער רעזאָלוציע, וואָס איז אָנגענומען געוואָרען אין מאָנטרעאָל איז דער גאַנצער סכסוך נאָך ניט געענדיגט. מען וועט נאָך וכוח'ן, דיסקוטירען אויף קאָנווענשאָנס און אין דער פרעסע איבער דעם. עס איז דעריבער ניט איבעריג זיך אָבצושטעלען אויף דעם ענין אַביסעל אויספירליכער.

די פראַגע, צי עס איז בעסער, די פאַרקערסמיטלען זאָלען ליגען ביי דער רעגירונג, אין רשות הקהל, אָדער ביי איינצעלנע אונטערנעמער, אין רשות היחיד, ווערט בכלל זעהר פיעל דיסקוטירט. זי איז א טייל פון דער מער אַלגעמיינער פראַגע איבער „שטאַאַטס סאָציאַליזם".

די רעפאָרמער פון פאַרשידענע ריכטונגען און שאַטירונגען האַלטען אין איין פאָדערן די „פּאָבליק יוטיליטיס", ווי די אייזענבאַנען, טעלעגראַפען, טראַמוואַיען, גאַז־ און עלעקטריק־ווערק א. אז. וו., זאָלען געהערען צו קהל: דער שטאַאַט און די שטאָט דאַרפען זיין זייערע אייגענטימער. אויך ניט ווענינ סאָציאַליסטען האַלטען „מיוניסיפּאַל אָונערשיפּ" און שטאַאַטס־סאָציאַליזם פאַר א גרויסען שריט פאָרווערטס.

זיי האָבען זיך זייערע טענות דערצו. ערשטענס, זאָגען זיי, טאָרען בכלל ניט אַזוינע אונטערנעמונגען, וואָס שפּילען אַזאַ גרויסע ראָלע אין לעבען פון דער געזעלשאַפט, קאָנטראָלירט ווערען פון יחידים, פון פּריוואַטע אייגענטימער. דער גורל פון כלל טאָר ניט אָפּהענגען פון פּריוואַט־אינטערעסען. אין די

אינטערעסען פון פּריוואַטע קאָמפּאַניעס איז צו האָבען ווא
מער פּראָפיט. זיי זוכען צו מאַכען וואָס קלענער די הוצא
און וואָס גרעסער די הכנסה. זיי גיבען שלעכטע וואַגאָנע
שלעכטע באַדינגונגען, האַלטען ווייניגער אָנגעשטעלטע, דריק
די פוהרגעלד און קימערען זיך ניט מיט די באַקוועמליכקייט
פון די בירגער.

אחוץ דעם פאַראייניגען זיך די פּריוואַטע קאָמפּאַניעס א
א מאָנאָפּאָל און באַזייטיגען מיט אַלערליי מיטלען זייערע קאָ
קורענטען. דאָ ביי אונז אין די פאַראייניגטע שטאַאַטען א
גאַנץ גוט באַוואוסט, ווי אַזוי די אייזענבאַנען האָבען געמאַ
יד אחת מיט פאַרשידענע טראָסטס (אין די מערסטע פּאַ
זיינען די טראָסטס גופא די באַלעבאַטים פון די אייזענבאַנע
און מאַכען שוועריגקייטען פאַר די געגנער פון די טראָסטס
פירען זייערע סחורות. די אייזענבאַנען ווערען אויסגענו
אינסטרומענטען צו רואינירען דעם קאָנקורירענדען צר
מאַכען, אַז דער אָדער יענער טראָסט, צו וועמען די א
באַנען דינען, זאָל בלייבען דער זעלבסטהערשער אויפ'ן
ווי ווייט דאָס שטעלט אין געפאַר די קהל'שע אינטערע
איז איבעריג צו ריידען. א סך קוילען־קאָמפּאַניעס אין פּענס
וואַניען סטייט זיינען געוועזען געצוואונגען זיך אויפצולייזען אָ
זיך אָנצושליסען אָן דעם קוילען־טראַסט, ווייל זיי האָבען נ
געהאַט קיין מעגליכקייט צו טראַנספּאָרטירען זייערע סחור
אויף די מערק. די אייזענבאַנען זיינען געלעגען אונטער'ן קאָ
טראָל פון טראָסט, וועלכער האָט זיי אָנגעטאָן אַלערליי צר
דער עולם איז אויף דעם אופן געצוואונגען צו צאָלען גרוי
פּרייזען אויף די נויטווענדיגסטע לעבענסמיטלען. ער ווע
איינגאַנצען משועבד צום טראָסט. און בכלל — טענה'ן
חסידים פון שטאַאַט־סאָציאַליזם — איז א גרויסע עולה, ווו
די אייזענבאַנען באַרייכערען זיך אויפ'ן חשבון פון קהל.
אייזענבאַן־מאַגנאַטען ציהען מיליאַרדען פּראָפיטען און עס וו
פאַר די בירגער פון לאַנד געווים געוועזען בעסער, ווען אָט
פּראָפיטען וואָלטען פליסען אין דער קהל'שער קאַסע און וו
טען אויסגענוצט ווערען לטובת הכלל. ביי שטאַאַטסאָציאַל
און „מיוניסיפּאַל אָונערשיפּ" וואָלט די זיכערקייט און ד
געזונד פון יעדען איינציגען בעסער אָפּגעהיט ווערען. עס וו
טען ניט טרעפען אַזוי פיעל אומגליקספאַלען, וואָס קומען ד
פון, ווייל די אָנגעשטעלטע זיינען קליין אין צאָל, ארביי
איבער די כחות און זיינען צו פאַרמאַטערט אויפצופּאַסען אַ
זאָל זיין אין אָרדנונג.

עס איז גענוג א קוק צו טאָן, וואָס עס טוט זיך אָפּ זומ
צייט אויף די „ליינס" פון די ברוקלין רעפּיד טרענסיט
ניו יאָרק, ווען מען פאָרט קיין און פון קוני איילענד, כדי
ווערען א שטאַרקער אָנהענגער פון „מיוניסיפּאַל אָונערשי
אויף די טראַמוואַיען (קאַרליינס). מענשען ווערען אָהן א ע
איינגעזעהנים איינגעפּאַקט אין די וואַגאָנען ווי הערינג אין
פאַס. ניטאָ קיין פּלאַץ ניט נאָר וואו צו זיצען, נאָר אפילו
וואו צו שטעהן. מען העננט אין דער לופטען און מען ווע
פשוט דערשטיקט. דאָסגלייכען אין די מאָרגען־ און אָווע
שטונדען, ווען די מענשען געהען און קערען זיך צוריק
דער ארבייט אין אַלע טיילען פון ניו יאָרק און אין אַנדע
גרויסע אמעריקאַנישע שטעדט. עס איז קיין וואונדער נ
וואָס די באַוועגונג, אַז די אייזענבאַנען, די טראַמוואַיען
אַלע אַנדערע פאַרקערסמיטלען זאָלען געהערען צו קהל, האָט
סך אָנהענגער.

אין אַנדערע לענדער זיינען זיי קהל'שע אונטערנעמונ
פון אָנפאַנג אָן און זיי זיינען טאַקע מעהר צוגעפּאַסט צו
אינטערעסען פון ברייטען עולם. א סך ראיות קען מען בריינ
אין די נוצען פון „שטאַאַט־סאָציאַליזם".

די הויפּט־אישום פון די פאַרמער־לייבאָר פּאַרטיי, וו
האָט זיך אָט דאָ איצט געגרינדעט, זיינען פּאָבליק־אָונערשיפּ
סטייט־סאָציאַליזם". דער באַוואוסטער ליבעראַל דאַדלעי פי
מעלאָן, דער גאָווערנאָר קאַנדידאַט פאַר נויאָרק סטייט פון
נייער פּאַרטיי, האָט בפירוש מודיע געווען, אַז זיי וועלען

...ר הויפּט־פּראַגע, מיט וועלכע ער וועט זיך באַשעפטיגען אין
...יין קעמפּיין. ער און זיינע חברים (און, ווי געזאָגט, זיינען אין
...עם געדאַנק נכשל געוואָרען ניט ווייניג סאָציאַליסטען) זיינען
...עסט איבערצייגט, אַז די גאַנצע ישועה וועט קומען גלייך ווי
...אָר די אייזענבאַנען, די קוילען מיינס און אַלע אַנדערע אַזויגע
...יכטיגע אינדוסטריען וועלען ווערען קאָנטראָלירט פון דער
...עגירונג.

מיר מיינען אָבער, אַז די רפואה פאַר דער „סאָציאַלער
...ומרוהיגקייט" און אַלע אַנדערע סאָציאַלע חולאת'ן דאַרף מען
...וכען אַנדערשוואו און ניט אין דעם „פאַרשטאַאַטליכען" פון
...י פּאָבליק יומיליטיס. פאַר דער ארבייטער באַוועגונג קען אַזאַ
...אַרשטאַאַטליכונג ברייגנען מעהר שאַדען, ווי נוצען. אין
...ע שטאַאַט, וואו די געזעלשאַפט איז צוטיילט אין קלאַסען און
...י שטאַאַטסגעוואַלד ליעגט אין די הענד פון א געוויסען קלאַס,
...איז דער שטאַאַט־סאָציאַליזם אַ קליינע גרולה. דער שטאַאַט־סאָ־
...יאַליזם איז אין אַ קאַפּיטאַליסטישען שטאַאַט שטאַאַט־קאַפּיטאַ־
...יזם. פאַר'ן ברייטען עולם איז אַ קנאַפּע נפקא מינה, צי די אייז־
...ענבאַנען ווערען דירעקט פאַרוואַלטעט פון די רייכע קאָרפּאָריי־
...שאָנס, צי פון די, וועלכע פאַרטרעטען זייערע אינטערעסען.
...ל זמן די נאָמינאַציאָנע און די וואַהלען ווערען קאָנטראָלירט
...ון די פּאָליטישע באָסעס, קאָנצענטרירט זיך די רעגירונגס־
...אַכט סיי ווי סיי אין די הענד פון זייערע פאַרטרעטער. די
...אַלקס־מאַסען געפינען ביי זיי ניט קיין שוץ און ניט קיין גע־
...עכטיגקייט.

אָבער נאָך ווייניגער ווי בירגער בכלל, פּראָפיטירען פון
...טאַאַטס־סאָציאַליזם די אָנגעשטעלטע און די ארבייטער אין
...י אונטערנעמונגען.

ווי באַוואוסט, איז די שטאַרקסטע וואַפע, וואָס די ארביי־
...ער האָבען אין זייער רשות אויסצובעסערען זייער לאַגע —
...אָס רעכט צו סטרייקען. דאָס סטרייק־רעכט קען אָבער נאָר
...נגעווענדעט ווערען אין פּריוואַטע אונטערנעמונגען. ביי אַ
...טרייק איז זעהר וויכטיג די עפענטליכע מיינונג. די סימפּאַ־
...יע פון עולם שפּילט אַ גרויסע ראָליע אין דער צייט פון אַ
...טרייק. דער עולם סימפּאַטיזירט מיט די סטרייקס דעמאָלט,
...ען זיי סטרייקען אין אַ פּריוואַט אונטערנעמונג. אַז דער
...טרייק קומט פאָר אין אַ קהל'שער אונטערנעמונג, איז דער
...ילם געוועהנליך קעגען די סטרייקערס. דער דורכפאַל פון דעם
...אַליציי־סטרייק אין באָסטאָן קען אונז דיענען אַלס די בעסטע
...יוסטראַציע דערפאַר. אין אַ קהל'שער אונטערנעמונג רע־
...ענט זיך יעדער בירגער פאַר שטיקעל שותף און קוקט אויף די
...טרייקערס ווי אויף אַן אַרויסטרעטונג קעגען איהם גופא, קעגען
...ינע אינטערעסען.

מען באַדאַרף אויך ניט פאַרגעסען, אַז אין די מעהרסטע
...נדער פאַרבאַט דאָס געזעץ גופא די ארבייטער צו סטרייקען
אין די קהל'שע אונטערנעמונגען. פּעדעראַל, סטייט און שטאָט־
בעאַמטע האָבען געוועהנליך קיין סטרייק רעכט ניט. די פאַר־
טרעטער פון די הערשענדע קלאַסען זיינען גאָר ניט קיין נאַ־
איווע מענשען. זיי ווייסען ווי שעדליך עס קען זיין פאַר דער
עקזיסטירענדער אָרדנונג אַ סטרייק פון די אייזענבאַנען, קוילען
מיינערס, טראַנספּאָרט ארבייטער א. אַז. וו. זיי זוכען מיט
אַלע מיטלען צו פאַרבאָטען אַזאַ סטרייק. איצט ווען די אייז־
זענבאַנען באַלאַנגען צו פּריוואַט פּערזאָנען, ליעגט אויף אַ געזעץ
אין קאָנגרעס (עש־קאָמינס' ביל) צו פאַרבאָטען די ארבייטער
צו סטרייקען. אויב זיי זאָלען איבערגעהן צום שטאַאַט וועלען
אַלע געזעצגעבער אין איין קול זיין דערפאַר. אפילו מאַנכע
סאָציאַליסטען וואָלטען זיין קעגען סטרייקס אין שטאַאַט־אונ־
טערנעמונגען. אָט איז אָנגעקומען אַ ידיעה פון בריסעל, דאָס
דיביידע סאָציאַליסטישע מיניסטאָרען אין בעלגישען קאַבינעט,
עמיל וואַנדערוועלד און דעסטרי, האָבען דערקלערט, אַז זיי זיינען
קעגען דעם, דאָס געוויסע קאַטעגאָריעס שטאַאַטס־אָנגעשטעלטע
זאָלען קענען סטרייקען. אַ שטייגער באַן־בעאַמטע, לעהרער
א. אַז. וו. דער צענטראַל־אָרגאַן פון דער בעלגישער פּאַרטיי
„לע פּיופּל" איז אמת אַרויס מיט אַ שאַרפען פּראָטעסט קעגען
אַזאַ שטעלונג פון די סאָציאַליסטישע מיניסטאָרען, אָבער דער
פּאַקט בלייבט, אַז די וועלכע האָבען די מאַכט וועלען ניט דער־
לאָזען סטרייקס אין די אונטערנעמונגען, וועלכע געפינען זיך
אונטער זייער השגחה.

ארבייטער אָהן סטרייק־רעכט זיינען געגליכען צו שמשון
הגבור, נאָכדעם ווי ער האָט זיך געלאָזען אָבשערען די האָר:
זיי ווערען מאַכטלאָז, זיי פאַרלירען זייער קלאַסען־באַוואוסט־
זיין, זייער קאַמפּלוסט.

מיט'ן איבערגאַנג צום שטאַאַט פון געוויסע אונטערנעמונ־
גען, ווערען טאַקע די ארבייטער זיכערער מיט זייערע עקזיס־
טענצען, מיט זייערע שטעלען, זיי צאָלען אָבער דערפאַר צו
טייער, זיי פאַרלירען זייערע שטאַרקסטע וואַפען. עס פרעגט
זיך, צי עס לוינט זיך אָפּגעבען די בכורה פאַר אַ נזיד עדשים.

גאָמפּערס פאַרדיענט געוויס געטאַדעלט צו ווערען פאַר
זיין קאָנסערוואַטיווער פּאָליטיק פון די ראַדיקאַלע ארבייטער
פיהרער. צום באַדויערען האָבען די „ראַדיקאַלען" אויף דער
קאָנווענשאָן אין מאָנטרעאָל ניט געטראָפען דעם ריכטיגען אָרט,
וואו גאָמפּערס'ן נידערצושטימען.

בנוגע דעם „פאַרשטאַאַטליכען" האָט גאָמפּערס געהאַנ־
דעלט ווי אַן אמת'ער פיהרער פון אַ קעמפּענדער אַרמיי און
זיינע אָפּאָנענטען האָבען זיך אַרויסגעוויזען פאַר צוקראָכענע,
קליינע בירגערליכע רעפאָרמערס, וואָס זעהען אין „שטאַאַטס
סאָציאַליזם" און „מוניסיפּאַל אָונערשיפּ" די בעסטע רפואה
קעגען אַלע סאָציאַלע קרענק.



# די אינד



פון נ ח ו ם י.

(נאָך קרילאָוו)

...אַ יונגע אינד,
...אָס האָט פאַרלאָרען ערשט איר קינד,
...אָט אויסגעזוכט צוויי קליינע וועלפעלאַך אין וואַלד, —
...ן האָט זיי באַלד
...ט אירע מילך געגומען שפּייזען.
...מאַן, אַ פּרוש, וועלכער האָט
...ט יאָרען לאַנג צוריק פאַרלאָזט די שטאָט,
...ן האָט געלעבט אין וואַלד, פון מענשען אָפּגעזונדערט,
...ט אויף דער יונגער אינד זיך שטאַרק געוואונדערט:
...„מיין גאָט!
...ביזט, ווייזט אוים, אַראָפּ פון זינען," —
...אַט ער זיך צו דער אינד געווענדט, —
...אַר וועמען האָסט דו דאָס דיין מילך פאַרשווענדט?
...רעכענסט דאַנקבאַרקייט ביי וועלף צו געפינען!
...ערשטעהסט דאָך זייער שלעכטסקייט ניט, געוויס,

אַז זיי אַליין נאָך וועלען ווען עס' איז
דיין בלוט פאַרגיסען."
— „קאָן זיין", — האָט אָפּגעענטפערט אים די אינד, —
„נאָר קיין זאַך געהט מיר גאָר ניט אָן אַצינד,
און דער געדאַנק אַליין איז שוין ביי מיר פאַרהאַסט.
נאָר האָבענדיג אַ מוטער'ס הייליגע געפילען,
וואָלט מיר מיין מילך געווען צו לאַסט
ווען איך וואָלט זייער הונגער באַלד ניט שטילען."

---

אַ גוטער — טראַכט ניט פיעל —
און טוט נאָר טובות אין דער שטיל.
און אים איז שווער
און לאַנגוויילעג צו לעבען —
ווען פון זיין האָב און גוטס קאָן ער
דעם צווייטען גאָרנישט געבען.

ש. ניגער:

# קינדער־ליטעראַטור

1
קינדער־לידער.

ג.

## „אין קינדערלאַנד“.

„אין קינדערלאַנד“ פון לאה ק. האָפּמאַן (פאַרלאַג „לעבען“, ניו יאָרק, 1919.) רופט א. רייזען אין זיין פאָררעדע אָן „די ערשטע זאַמלונג קינדער־לידער אין דער אידישער ליטעראַטור“. דאָס איז אַ טעות: מיט אַ יאָהר אָדער צוויי פאַר לאה ק. האָפּמאַנ׳ס „אין קינדערלאַנד“ זיינען אין אוקראַינע און אין פוילען אַרויס לידער־זאַמלונגען פאַר קינדער פון יעקב פיכמאַן, נסתר, ל. קוויטקאָ, הערשעלע און אַנדערע. איינס אָבער איז ריכטיג:

אַזאַ גרויס לידערבוך פאַר קינדער, ווי לאה ק. האָפּמאַנס, איז אויף אידיש טאַקע נאָך ניט געווען.

עס פאַרשטעהט זיך, אַז דערפון וואָס אַ בוך איז גרויס, איז נאָך ניט געדרונגען, אַז עס איז אויך גוט. אָבער לאה ק. האָפּמאַנס בוך איז גוט. עס פיהרט אונז באמת אריין אין קינדערלאַנד. עס מאַכט זיך ניט קינדיש, עס איז עס. עס לעבט דאָס לעבען פון קינד, טרוימט זיינע טרוימען און זעהט די וועלט מיט זיינע אויגען. די דיכטערין געהט ניט לערנען דאָס קינד; פאַרקעהרט, זי געהט צו איהם לערנען זיך. זי געהט זיך צו איהם לערנען שפּילען... מיר, דערוואַקסענע, האָבען עס פאַרגעסען. און עס וואָלט געווען אַזוי גוט, ווען מיר וואָלטען אַלע געקאָנט טאָן, ווי לאה האָפּמאַן, און געהן לערנען זיך ביי קינדער, אַנשטאַט זיי צו לערנען... פון וואַנען נעמט זיך עס ביי אונז די ברייטקייט צו ווערען די קינדערשע מדריכים? וואָס ווייסען מיר? וואָס קענען מיר? אפילו ערנסט זיין קאָנען מיר ניט, — מיר, דערוואַקסענע, וואָס מיר האַלטען זיך פאַר די ערנסטע מענשען. גיט אַ קוק, ווי ערנסט קינדער שפּילען זיך — וועט איהר זעהן, וואָס הייסט זיין פאַרטאָן אין אַ זאַך, וואָס הייסט (כאָטש אויף אַ ווײַלע) איבערגעבען זיך אַ זאַך... אפילו שמייכלען קענען מיר ניט — אַזאַ איינפאַכע און אַזאַ נויטיגע און אַזאַ הייליגע מענשליכע זאַך. און דאָס איז דערפאַר, וואָס מיר האָבען אָנגעוואָרען די גוט געבענשטע פעהיגקייט צו לערנען זיך פון קינדער. ווען עס וואָלט מעגליך געווען אויסצופיהרען, אַז פון צוועלף־דרייצעהן יאָהר אָן זאָלען מענשען זיך דערווייטערען פון דער געזעלשאַפט פון דערוואַקסענע און זיין נאָר צווישען איינגערע פון זיי! אפשר וואָלטען קינדער דאַן ניט אַזוי גיך פאַרטריבען געוואָרען פון זייער ליכטיגען גן עדן... אָבער דאָס איז, ליידער, אוממעגליך. און לאַ די, וואָס מיר אַליין לערנען זיך ניט ביי די קינדער, ווערען מיר נאָך זייערע לעהרער.

צום גליק, וואַקסט אויס ביי די קינדער אַ העלע שמייכעלדיגע פרייד, אַ ליבער יום־טוב פון דעם גרויען וואָכעדיגען לעבען, וואָס זיי מאַכען נאָך!

לייענט — און עס וועט אויפוואַכען אין אייך אַ וועלט, וואָס איז אייך אַזוי ווייט און אַזוי נאָהענט, אַ וועלט, וואו די לופט איז דורכזיכטיג־קלאָר און עס עטעמט זיך גרינג..

און אָט דעם קינדערשען יום טוב — דעם שפּילעוודיגען נאָכמאַכען די דערוואַקסענע — זעהען מיר ביי לאה ק. האָפּמאַן פריהער פאַר אַלץ.

און אויב איהר האָט ליעב צו זעהען אין אייערע גוטע מינוטען, ווי קינדער שפּילען זיך, לייענט די שפּיל־לידער פון לאה האָפּמאַן.

לייענט איין ליד און נאָך אַ ליד און נאָך — עס וועט אייך ניט דערעסען... ווי רייך און פאַרשיידענאַרטיג עס איז דאָס קינדערשע שפּיל, אַזוי רייך אין האַנדלונג און אין פאַנטאַזיע איז דאָס ליד פון שפּיל! איהר געהט איבער פון לעבען צו טרוים, פון רעאַלע בילדער צו פאַנטאַסטיק כמעט נאָר אומבאַמערקטערהייט. דאָס קינד ווייס ניט פון גרעניצען צווישען טרוימלאַנד און „אמת׳ן“ לאַנד. די אַלע רעדערייען און טיעפזיניגע וכוחים וועגען דעם, וואָס פאַר זאַכען מען זאָל דערצעהלען קינדער, „רעאַלע“ צי „פאַנטאַסטישע“ — זיינען פּשוט נאַריש. דאָס האָבען מיר, דערוואַקסענע, זיך איינגערעדט, אַז מיר ווייסען, וואו עס לאָזט זיך אויס דאָס „רעאַלע“ און ע[...] הויבט זיך אָן דער עולם הדמיון. קינדער ווייסען ניט פון [...] איינגרענישען. און אויך לאה האָפּמאַן ווייס ניט פון זיי [...]

אַז די מאַמע לעגט מיך שלאָפען
אין מיין וויגעלע,
וויגט זי מיך און זינגט אַ לידעל
מיט אַ ציגעלע...

ווערט מיין וויגעלע אַ שיפעל;
פאָהר איך ווייט אַוועק
אויפ׳ן גרויסען ים, און קאָן ניט
קומען צו קיין ברעג...
— — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — —
ביז עס —

שטעלט זיך אָפּ מיין שיפעל, געה איך
באַלד פון איהר אַרויס;
בין איך ווידער לעבען מאַמען,
זעץ זיך אויף איהר שויס...

איז עס ווירקליכקייט אָדער טרוים?
אָדער אַזאַ מין עכט „רעאַליסטישע“ זאַך:

גערן וואָלט איך אויך זיך געשפּילט,
נאָר איך קאָן מיט דיר ניט געהן:
ס׳איז מיין ליאַלקע שטאַרק פאַרקילט
כ׳קאָן ניט לאָזען איהר אַליין.

שלאָפען לאָזט זי ניט ביינאַכט,
וויינט — און נאָר זי הוסט און הוסט:
כ׳האָב איהר אַ קאָמפּרעס געמאַכט
און געגעבען איהר די ברוסט.

זייגען נעמט זי ניט אַ האָר,
כ׳ווייס ניט, וואָס מיט איהר צו טאָן:
אפשר האָט זי מאָזלען גאָר
אָדער ס׳שניידט זיך איהר אַ צאָהן? א. אַז. וו.

איז עס טאַקע „רעאַליסטיש“? ניין, אין „רעאַלען לעב[ען]“ פאַרקילט זיך ניט די ליאַלקע און עס שניידט זיך ביי איהר [...] קיין צאָהן — און דאָס קינד ווייס עס; אָבער עס ווי[יס] אויך, אַז די מאַמע האָט צו טאָן מיט קינדער, וואָס פאַרקי[לען] זיך, ווערען קראַנק אויף מאָזלען א. אַז. וו., ווייל עס אויך האָ[ט] אַ קינד און אויך זיין אַ מאַמע, וואָס זאָרגט פאַר איהם. [...] אַז עס וויל האָבען אַ קינד — האָט עס, אַז עס וויל זיי[ן] מאַמע — איז עס: דאָס איז דער אונטערשייד צווישען ד[...] קינד און דעם דערוואַקסענעם; דאָס קינד האָט צוטרוי צו [...] פאַנטאַזיע... עס לעבט זיך אַריין אין דער ראָליע [...] אַ מאַמע — און שפּילט עס, ווי אַ קינסטלער... אויב [...] אין יעדער קונסט איז דאָ דער עלעמענט פון שפּיל, איז [...] יעדען שפּיל (כ׳מיין אין יעדען קינדער־שפּיל) פאַראַן אַן אָנהו[יב] פון קונסט. און ווייל עס איז אַן אָנהויב פון קונסט, ווייס[ט] ניט פון קיין גרענעץ צווישען „אמת׳ע“ זאַכען און „אויסגעטראַ[כ]טע“... דערפאַר איז דאָס שפּיל־ליד ביי לאה ק. האָפּמאַן אַ[...] רייך אין טעמעס, אין איינפאַלען, אין אויסטראַכטענישען.

אָבער ניט נאָר דעם קינדס פאַרשיידענאַרטיגען שפּ[י]לען זיך זעהען מיר אין לאה ק. האָפּמאַנ׳ס בוך. [...] זעהען אויך זיין טראַכטען און פאַרטראַכ[טען] זיך...

אַ קינד טראַכט ניט אַזוי, סתם אין דער וועלט אריין. טראַכט נאָר דאַן, ווען עס ריהרט איהם עפּעס אָן, ווען עס פ[...] חידוש׳ט איהם עפּעס. ביי איהם איז באמת דאָס פאַרוואונ[דע]רען זיך, ווי עס האָט געזאָגט אַ גריכישער פילאָזאָף, דער אָנה[ויב] פון דענקען! זיין יעדער געדאַנק איז אַ שטיק פון זיין [לע]בען... אָט איז געקומען אין הויז אַ הויכער מענש, און מען הי[...]

איהם רופען אָנקעל, אָבער ער איז אַ פרעמדער אזא, און ער שרייט, ווען ער רעדט מיט זיין פאָטער, געפעלט ער גיט דעם קינד, און דאָס קינד איז פול מיט פראַגען:

ווער איז דאָס דער הויכער, מאַמע,
מיט דער לאַנגער קרומער נאָז,
וואָס איך דאַרף איהם אָנקעל רופען
און איך ווייס גאָר ניט, פאַרוואָס

— — — — — — — — — — — — — — — — —

און אַז פּאַפּאַ זאָגט איהם עפּעס,
ענטפערט ער מיט אַ געשריי,
מ'טאָר אויף פּאַפּאַ'ן דאָך ניט שרייען;
זאָג מיר, מאַמע, ניט אַזוי?

דאָס קינד טראַכט אַ סך מעהר, וויפיל מיר מיינען, און עס זעהט און ווייס מעהר, וויפיל מיר מיינען. און ניט פאַר־שטעהענדיג, פאַרשטעהט עס אָפט זעהר פיל. עס האָט עפּעס אַ מין ספּעציעלע קינדערשע אינטואיציע. אָט זעהט די קליינע אכע:ע, אַז די מאַמע וויינט, און עס דוכט זיך, אַז —

אסעלע די קליינינקע
קאָן עס ניט פאַרשטעהן,
וואָס עס וויינט די מאַמעניו,
ווען זי בלייבט אַליין.

וואָס קאָן זי פאַרשטעהן אין אַזוינע זאכען.

„נאַ דיר, מאַמע, ס'ניסעלע,
וויין זשע שוין ניט מעהר“ —
און אויף אָטעם פּיסעלע
טריפט דער מאַמעס טרעהר.

ווישט זי מיט אַ טיכעלע
איהרע אויגען אויס,
נעמט זי ניט דאָס ניסעלע,
נאָר דאָס קינד אין שויס.

פיהלט אָבער אסעלע, אַז די מאַמע וויינט נאָך, כאָטש זי האָט שוין אויסגעווישט די אויגען. דער מאַמעס נעמען איהר אין שויס, דער מאַמעס צערטליכקייט מאַכט זי נאָך נעהנטער צו איהר, אַזוי נאָהענט צו איהר ווערט זי, אַז זי ווערט מיט איהר איינס כמעט, און עס גיבען זיך איהר איבער, ווי דורך עפּעס אַ געהיימען שטראָם, דער מאַמעס געפיהלען, דער מאַמעס שייכות צום טאַטען, און זי זאָגט:

ווילסטו ניט דאָס ניסעלע,
האָב איך גאָר פאַר דיר
אַזאַ שענעם מענטשעלע
אויף אַ שטיק פּאַפּיר.

פּאַפּאַ האָט עס אויסגעמאַכט —
האָב אַליין געזעהן...
מ אַ מ ע, וו א ו א י ז פּ אַ אַ וו ע ק —
ק ו מ ט ע ר ב אַ ל ד צ ו ג ע ה ן?

זי האָט דערפיהלט מיט איהר קלוגען קינדערשען געפיהל, אַז דער מאַמעס וויינען האָט עפּעס אַ שייכות צום פּאַפּאַ'ס אוועקגעהן, און אַ צווייטען מאָל, ווען זי זעהט ווידער, אַז די מאַמע וויינט, רעדט זי שוין ווענען דעם קלערער און זיכערער:

וואָס זשע וויינסטו ווידער, מאַמע?
זאָגסט מיר גאָר ניט אויס,
וואו עס געהט אַוועק דער פּאַפּאַ
אַלע טאָג פון הויז?

אָבער „אַ קינד בלייבט אַ קינד“, און זי מיינט, אַז אויך די מאַמע קאָן איהר אומעט פאַרטרייבען מיט שפּילען זיך; זי זאָגט:

כ'גיב דיר אַלע מיינע זאַכען,
מאַמעניו, ניט וויין.
וועלען מיר אַ שפּיל זיך מאַכען,
וועט זיין זעהר שען...

איך וועל היינט גאָר זיין די מאַמע,
אָנטאָן זיך דיין קלייד,
קאָכען, באַקען, וואַשען, ראַמען,
וויינען שטילערהייט...

וויינען געהערט דאָך אויך צו אַ מאַמעס מלאכות...

פּאַפּאַ קומען, ער מיך זוכען
דאָרט אונטער'ן בעט,
איך בין אויך אַוועק, דו זאָגען,
און איך קומען שפּעט...

זאָל ער ווייסען, ווי גוט עס איז אַז מען „קומט שפּעט“ — וויל זי זאָגען? אָדער זי איז גאָר נישט ניט אויסען, נאָר, פּשוט, זי שפּילט זיך און מאַכט נאָך די גרויסע? יע, אוודאי שפּילט זי זיך, אָבער שפּילענדיג זיך איז זי טיף ערנסט און אין דעם טיפסטען ערנסט זעהט זי אַ שפּיל — אין דעם ליגט דער וואונ־דער און די שענקייט און די רייכקייט פון דער קינדערשער נשמה. און אין דעם ליגט דער חן פון דעם ציטירטען ליד. דאָס איז ניט סתם אַזוי זיך אַ „קינדער־לידעל“. דאָס איז כמעט אַ דראַמע. אַזוינע רייכע לידער זיינען אין בוך דאָ ווייניג: אויך אין לעבען ווייזט זיך דאָך ניט אַזוי אָפט אַרויס די רייכ־קייט און די פאַרוויקעלטקייט פון דער קינדערשער נשמה. אָבער קינסטלערישע האַנדלונג און אַ געוויסע דראַמאַטישקייט איז דאָ אין זעהר פיל לידער פון לאה ק. האָפמאַן. און אין איינינע פון זיי איז די האַנדלונג זעהר לעבעדיג. אַ שטייגער, אין „דעם זיידענס טאַבאַק־פּושקע“. דאָס איז איינס פון די בעסטע לידער אין בוך, און איך וויל מיר ערלויבען עס צו ברענ־גען דאָ אינגאַנצען ווי עס איז:

„זיידע, ווייז דיין טאַבאַק־פּושקע,
איך וויל אויך אַ שמעק.
„געה, דו ביזט אַ שטיפער“, זאָגט ער —
און ער געהט אַוועק.
טראַכט איך, אַז דער זיידע ט'שלאָפען,
קיינער וועט ניט זיין,
וועל איך אויף די שפּיצען פינגער
אין זיין שטוב אַריין.

אויסזוכען די פּושקע טאַבאַק
אין זיין לאַנגען ראָק,
אָנמעסטען די גרויסע ברילען,
אומגעהן מיט זיין שטאָק.
טאַבאַק וועל איך קאָנען שמעקען,
וויפיעל נאָר איך וויל,
וועל איך אויסזעהן, ווי אַ זיידע —
אוי, אַ שענער שפּיל!

שאַ, דער זיידע מוז שוין שלאָפען, —
בין איך באַלד ביין טיר;
שפּאַן אַריין צו איהם אין קאַמער,
ס'הערט זיך ניט קיין ריהר.
כאַפּ איך זיידענס ראָק פון בעטעל,
זוך די טאַבאַק אויס
נעם דעם שטעקען און די ברילען
און איך געה אַרויס...

שטעל איך זיך אַנקעגען שפּיגעל
אין דעם זיידענס ראָק,
מיט די ברילען אויף די אויגען,
אין מיין האַנד דעם שטאָק.
וויל איך עפענען די פּושקע,
קאָן איך ניט, ס'איז שווער;
רייס איך זי מיט אַלע כחות,
דרעה זי הין און הער.

ביז עס רייסט זיך אויף דאָס דעקעל
מיט אַ גרויסען פּראַל;
פליהט אין נאָז און אין די אויגען
טאַבאַק ביטער גאַל...
האַפּטשי! האַפּטשי! זיידע! זיידע!
גיכער קום אַהער!
האַפּטשי! אוי, די אויגען, זיידע.
כ'וועל ניט טאָן דאָס מעהר!

קומט דער זיידע שנעל צולויפען...
„האַפּטשי! וואָס איז דאָס?“
אוי, מיר ביטער אין די אויגען,
ביטער דאָ אין נאָז!
„זעהסט?“ זאָגט ער: וועסט נאַשען טאַבאַק,
אַז דער זיידע „שלאָפט?“
כ'ווייס, איך בין געווען אַ שלעכטער,
האָט מיך גאָט געשטראָפט...

די לעצטע צוויי שורות זיינען איבעריג, אָבער דאָס גאַנצע

# די פרוי און די ענגלישע לייבאָר פּאַרטיי

פון דר. אסתר לוריע.

אַנדערע צייטען, אַנדערע פייגעל; אַנדערע פייגעל, אַנדערע לידער. עס זיינען געווען צייטען, ווען די ענגלישע טרייד־יוניאָנס האָבען פאַרשפּאַרט זייערע טירען פאַר די פרויען, און דאָס איז איינע פון די הויפּט אורזאַכען וואָס אין ענגלאַנד עקזיסטירט אַזאַ גרויסע צאָהל פון פרויען־יוניאָנס. עס זיינען געווען צייטען, ווען די ענגלישע סאָפראַדזשעטקעס האָבען אויף זייערע קאָנפערענצען פּראָטעסטירט געגען די יוניאָנס פאַר זייערע פיינדליכע באַציהונגען צו זייערע שוועסטער, די אַרבייטערינס. אין איצט זוכען די יוניאָנס אויב ניט אַריינצוקריגען דירעקט די פרויען־יוניאָנס אין זייערע רייהען, טאָ תּאָטש צו האָבען אויף זיי אַן איינפלוס.

ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכען, האָט זיך בעדייטענד פערגרעסערט די צאָהל פון די אַרבייטערינס. דאָס האָט אַרויסגערופען אַ מורא ביי די קאָנסערוואַטיווע אַרבייטער, אַז די ניט־אָרגאַניזירטע פרוי וועט שטאַרק אַראָפּזעצען די פרייזען, און וועט מאַכען אַ תל פון די אַלע עראָבערונגען, וואָס דער אָרגאַניזירטער אַרבייטער האָט דערגרייכט מיט אַזוי פיעל מיה. עס האָט זיך אָבער אויסגעלאָזען פונקט פאַרקערט. די אַרבייטערין האָט דערזעהן, אַז אָהן אַן אָרגאַניזאַציע ווערט זי פיעל שטאַרקער עקספּלואַטירט, און זי האָט שטאַרק פאַרגרעסערט די אַרבייטער־אַרמעע פון די יוניאָנס. די מלחמה האָט זי בלויז אַ שטויס געטאָן, און איצט וואַקסט די צאָל פון אָרגאַניזירטע אַרבייטערינס, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס די צאָל פון אַרבייטערינס ווערט ווייט אַזוי ניט פאַרגרעסערט, ווי אין דער צייט פון מלחמה. אַזוי איז די קאָנפערענץ פון די ענגלישע אַרבייטערינס, וואָס איז אָבגעהאַלטען געוואָרען מיט איינינגע מאָנאַטען צוריק, געווען פונקט צוויי מאָל אַזוי גרויס סיי אין דער צאָל פון דעלעגאַטען, סיי אין דער מיטגלידערשאַפט, ווי די לעצטע קאָנפערענץ פון 1918.

פון די לעצטע יאָהרען האָבען די ענגלישע אַרבייטערינס פיעל געלערנט. האָבענדיג שטימרעכט, האָבען זיי דערזעהן, אַז ניט די סאַפרעדזשיסט פּאַרטיי קען פאַר זיי געווינען די אַלע נויטיגע רעכטע; זיי האָבען דערזעהן, אַז האַנד אין האַנד מיט די מענער־אַרבייטער קענען זיי געווינען סיי גלייכע רעכטע, סיי גלייכע אַרבייטס־באַדינגונגען. זיי האָבען איינגעזעהן, אַז עס איז געקומען די צייט, ווען זיי דאַרפען אָנפיהרען ניט בלויז אַן עקאָנאָמישען נאָר אויך אַ פּאָליטישען קאַמף. זיי האָבען געזעהן, אַז די גרויסע לייבאָר פּאַרטיי מיט איהר פּאָליטישען קאַמף איז פאַר איהר די פּאַסענדסטע פּאַרטיי. פון דער אַנדער זייט איז אויך די לייבאָר פּאַרטיי פאַראינטערעסירט צו האָבען אַרבייטערינס אין איהר אַרמעע. די פרויען האָבען איצט שטימרעכט, קענען זיי אַלזאָ שפּילען אַ גרויסע ראָלע אין דער אַרבייטער באַוועגונג, פאַרגרעסערענדיג מיט זייערע שטימען די אַרבייטער מיטגלידער אין פערשידענע רעגירונגס־קערפּערשאַפטען.

די לעצטע קאָנפערענץ איז אין פיעלע הינזיכטען אַ גרויסאַרטיגע אילוסטראַציע פון דער ראָלע, וואָס די לייבאָר פּאַרטיי שפּילט אין דער באַוועגונג פון די אַרבייטערינס. אין גאַנצען זיינען אויף דער קאָנפערענץ געווען 410 דעלעגאַטען, וואָס האָבען פערטראָטען כמעט 200 אָרגאַניזאַציעס. מעהר ווי אַ העלפט פון די דעלעגאַטען (286) האָבען פערטראָטען 136 פרויען סעקציאָנען פון דער לייבאָר פּאַרטיי, און 31 דעלעגאַטען האָבען פערטראָטען 6 אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיינען פאַרבונדען מיט דער לייבאָר פּאַרטיי.

אונטער דעם איינפלוס פון דער לייבאָר פּאַרטיי זיינען אויף דער קאָנפערענץ אָנגענומען געוואָרען ראַדיקאַלע רעזאָלוציעס, פון וועלכע מיר וועלען ברייננען צוויי:

1. „אַז די קאָנפערענץ פון די אַרבייטערינס שטרייכט אונטער, דאָס עס איז געקומען די צייט צו פאַרזיכערען די פולע פּאָליטישע מאַכט פאַר די אַרבייטער, און אַז זי צווינגט אַלע פרויען צו ווערען מיטגלידער פון דער פּאָליטישער אַרבייטער באַוועגונג און אויסצומיידען צו פאַרשוואַנדען זייערע כּחות אין ניט־פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס."

2. „אַז די קאָנפערענץ גראַטולירט די לייבאָר פּאַרטיי מיט אירע באַמיהונגען צו פאַרזיכערען גלייכע בירגערליכע און פּאָליטישע רעכטע פאַר פרויען און מענער, און אַז זי טרייבט אָנצושטרענגען זיך אין דער סעסיאָן פון פּאַרלאַמענט און צו צווינגען די רעגירונג צו געבען די נויטיגע אונטערשטיצונג

---

ליד — בעט זיך עס ניט, מען זאָל מאַכען דערפון אַ לעבעדיג בילד אין קינדער־טעאַטער?

עס פאַרשטעהט זיך, אַז די לעבעדיגקייט פון דער אויסערליכער שילדערונג וואָלט אויך דאָ, ווי אומעטום, ניט געווען גענוג; אָבער אַ חוץ דער אויסערליכער איז דאָ נאָך פאַראַן אַ אינוועניגסטע שילדערונג — די שילדערונג פון דער הנאה און דעם הומאָר אין דער קונסט, מיט וועלכע דאָס קינד טוט זיך איבער און פאַרשטעלט זיך פאַר אַ דערוואַקסענעם...

און אויב דעם קינדס קונסט דריקט זיך אויס אין שפּילען די ראָליע פון אַ דערוואַקסענעם באַשטעהט די קונסט פון דער קינדער־דיכטערין, ווי געזאָגט, אין דעם, וואָס זי לעבט אויף זעהר אַ נאַטירליכען אופן דעם לעבען פון קינד. אַמאָל אָבער טרעפט זיך, אַז עס וואַכט אויף אין איהר אויף אַ ווײלע דער ד ע ר וו אַ ק ס ע נ ע ר מענש — דאַן שרייבט זי אַזוינע לידער, וואָס איך ווייס ניט, צי זיינען זיי גוט פאַר דערוואַקסענע, קיין קינדער־לידער אָבער זיינען זיי זיכער ניט, — אַזוינע לידער ווי: —

גאָט פאַרבט רויט און בלוי דעם הימעל,
וויל ער ניט, ס'זאָל זיין אַזוי;
נעמט ער מיט די וואָלקען־טיכער,
ווישט איהם אָפּ און מאַכט איהם גרוי.

איז דער הימעל דען אַ לייוווענט
און די וואָלקענס זיינען קרייד?
לערנט ער זיך אַלץ נאָך מאָלען
אַזאַ לאַנגע, לאַנגע צייט?

דאַן באַריהרט זי אַזוינע „שווערע פראַגען" און געברויכט אַזוינע שווערע, ניט קינדערשע, אויסדריקען, ווי אויף זז. 47, 48, 69, 96 וכדומה.

דאָס טרעפט אָבער מיט איהר נישט אָפט — אַזאַ מין „אַריינפאַלען" אין... דערוואַקסענקייט. דאָס רוב זיינען איהרע לידער עכטע קינדער־לידער, און פאַרגלייכען זיך מיט איהר אין קינדערשער נאַטירליכקייט און נאַטירליכער קינדישקייט קאָן נאָר דער יונגער אוקראַיניש־אידישער דיכטער ל. ק וו י ט ק אָ.

זיינע „לידעלעך" פאַר קליינע קינדער זיינען אַרויס אין „קיעווער פאַרלאַג" קיעוו, 1918. און זיי זיינען אויך זיכער געשריבען געוואָרען אין די מינוטען, ווען עס האָט געוואַכט די קינדישקייט אין דעם יונגען דיכטער, און ער האָט אַליין, ווי אַ קינד, זיך געשפּילט מיט די שורה'לעך:

ביי אונז פאַראַן אַ קעצעלע,
אַ קליינינקס, אַזאַ — אַ!
די מאַמע זאָגט, דאָס טויג אונז ניט,
מיר אָבער טויג דאָס יאָ!

אַך, איז דאָס אַ לעבעדיגס,
איך שפּיל מיט דעם אין „האָפּ".
עס דראַפּעט מיר די הויזעלעך
און קריכט מיר אויפ'ן קאָפּ...

ביי אַנדערע דיכטער אונזערע איז שווער צו קריגען אַזוינע עכטע און לעבעדיגע לידער פאַר ק ל י י נ ע קינדער, פאַר ג ר ע ס ע ר ע אָבער — האָבען אויך אַנדערע אידישע דיכטער געשריבען גאָר קיין שלעכטע זאַכען. וועגען — דעם קומענדיגען מאָל.

# וועגן קאאפעראטיווע גארטען־שטעטלאך

(צו די קולטורעלע פראבלעמען פונ׳ם „ארבייטער רינג״)

פון א. ליטווין.

די גרויסע שטאט אין איר העכסטער מאדערנער אנטוויק־
[..]ונג איז א פראדוקט פון קאפיטאליזם, און דעריבער איז זי
[..] נעסט פון שקלאפעריי. דער דארף אין מזרח און מיטעל־
[..]יראפא, און די פארם אין וועסט־איראפא און אין אמעריקא
[..]שטאמען צומערסט פון דעם מיטעל־אלטערליכען פעאדאליזם,
[..]און זיינען אויך געבויט אויף שקלאפעריי.

אין די אינדוסטריעלע מאדערנע צענטערס איז דער לעבען
[..]אר די מענשען זעהר רייצבאר, טומעלדיג, שטיקענדיג און
[..]נג. דער מענש ווערט דא אפגעריסען פון דער נאטור און
[..]ן א נאטירליכען לעבען. ער פארלירט די נויטיגע רוהיגקייט,
[..]י גלייכגעוויכט פון דער נשמה, וואס איז נויטיג פאר זיין
[..]ייסטיגען און קערפערליכען וואוילזיין. ער ווערט דעגענערירט
[..]יזיש, גייסטיג און מאראליש.

דער דארף און די פארם זיינען ניט בעסער. ווען דער
[..]ענש איז דא נעהענטער צו דער נאטור, נעמט ער אבער א
[..]אפען אנטייל אין דער שאפענדער ארבייט פון די נאטור־
[..]רעפטען. ער ווערט דא דעגענערירט פון טעמפקייט, אומעט
[..]ון איינזאמקייט.

דער מאדערנער מענש, וואס האט נאך ניט פארלארען דעם
[..]וש צו א נאטירליכען געזונטען לעבען, נאהענט צו פעלד און
[..]אלד, פילט זיך שלעכט אין שטאט. ער פילט זיך אבער אויך
[..]ים נוט אין דער איינטאנינקייט פונ׳ם דארפישען און פאר־
[..]ערשען לעבען. דער געזעלשאפטליכער לעבען איז ביי אים
[..]עווארען א באדערפנים, ווי ברויט און לופט. די קולטורעלע
[..]אקוועמליכקייטען פון דער שטאט — א געוואוינהייט, אהן
[..]עלכער ער קאן ניט אויסקומען.

די שטרעבונג איינצואורדנען דעם לעבען אין איינקלאנג מיט
[..]לע נאטירליכע און קולטורעלע באדערפניסען פון אונזער קער־
[..]ער און גייסט, האט געוויזען דעם מאדערנעם מענשען נייע
[..]ארמען פון ארגאניזירטען געזעלשאפטליכען לעבען. מיר זייי־
[..]ען געקומען צו דער איבערצייגונג, אז אי די שטאט, אי דער
[..]ארף, אי די פארם, ווי זיי האבען זיך היסטאריש אנטוויקעלט,
[..]יינען אפגעלעבטע פארמען פון מענשליכען צוזאמענלעבען. זיי
[..]אנצן מער ניט באפרידיגען אנדערע העכערע קולטורעלע בא־
[..]ערפניסען.

דערפון איז געבארען געווארען די גארטען־שטעטל־באוועגונג,
וואס האט ארומגעכאפט די אנטוויקלטע עלעמענטען פון דער
שטאדטישער באפעלקערונג אין אלע איירא־פאאישע לענדער פאר
דער מלחמה. דער צוועק פון דער גארטען־שטעטעל איז געווען
א מין פשרה צווישען שטאט און דארף; א שטרעבונג: פון
איין זייט צו באזייטיגען די פעלערן, פון דער אנדער זייט צו
פאראייניגען די מעלות פוןביידע.

די מלחמה האט געשטערט דער דאזיגער באוועגונג. זי
האט זי אבער ניט אפגעשטעלט. מער ווי אומעטום שיינט די
באוועגונג צו זיין אנטוויקעלט אין ענגלאנד. דארט איז זי ענג
פארבונדען אי מיט דער ארבייטער־באוועגונג, אי מיט דער קא־
אפעראטיווער באוועגונג. און דאס הייסט, אז זי איז פאר־
שפרייט צומערסט צווישען די מאסען אינדוסטריעלע פראפע־
סיעס.

אין אמעריקא ווערען זעהר אפט ארווערטייזט אין די
צייטונגען די „גארדען־סיטיס״ אין זעהר אנציהענדע, ראזעווע
פארבען. זיי זיינען אבער אלע קאפיטאליסטישע אונטערנעמונ־
גען. די „גארדען־סיטיס״ פון אמעריקא האבען גאנץ ווייניג
ענליכקייט מיט דער גארטען־שטעטעל־באוועגונג אין איירא־פא.
אמת, די צאל ארבייטער אין אמעריקא, וואס האבען זייער וואוי־
נונג, זייער אייגען הויז אויסער דער שטאט, איז גרויס. זי
גרייכט אין די הונדערטער טויזענטער. דאס זיינען אבער ניט
קיין גארטען־שטעטלאך אין דעם אייגענטליכען זין. דאס זיי־
נען גרופעס הייזלאך, כמעט אלע געבויט פון קאפיטאליסטישע
קאמפאניעס, מיט עטליכע שפאן ערד ארום די הייזלאך. דאס
בעסטע, וואס דער ארבייטער קאן דערוויזען, איז אטעמען
נאך דער ארבייט אין דער ענגער, דושנער שטאט — מיט א
ביסעל פרישערע לופט. א פלאץ פאר א גארטען האט ער
זעלטען. און ווען ער באזיצט יע, האט ער ניט קיין לוסט,
ניט קיין באדערפנים אין פארזייען און האדעווען ארום זיין
הויז אביסעל פרוכט און בלומען. דער ארבייטער אין אמעריקא
קומט צו דער נאטור ניט ווי א טרייי קינד, נאר ווי א שטיף־
קינד, ווי א פאראזיט. ער איז איר פרעמד. ער ווערט ניט
ארגאניש מיט איר צוזאמענגעבונדען. ער קריגט ניט צו איר
קיין ליבע.

אן אויסנאם זיינען נאר די איטאליענער, די סלאווישע און
רייטשע איינוואנדערער, וואס זיינען אהער געקומען פון זייער

[..]די דער דאזיגער פראיעקט זאל ווערן א געזעץ. די קאנפע־
[..]ענץ מאכט אויפמערקזאם אויף דער אומגערעכטיגקייט, וואס
[..]ליסט אוים פרויען אונטער 30 יאר פון וואהל־רעכט, און
[..]אדערט שטימרעכט פאר די פרויען אונטער די זעלבע באדינ־
[..]נגען ווי פאר מענער און די זעלבע מעגליכקייטען פאר פרויען
[..]ין אלע צווייגען פון ציווילען לעבען.״

די לעצטע רעזאלוציאן רעדט שוין אייגענטליך וועגען
[..]ריטע, וואס די לייבאר פארטיי האט אנגענומען. זי האט
[..]עמליך אריינגעטראגען א פראיעקט אין פארלאמענט, וואס
[..]יינט פאר, אז פרויען זאלען קענען שטימען, ווי מענער, פון
2 יאר אן. די לייבאר פארטיי האט אריינגעטראגען נאך א
[..]אנצע רייהע וויכטיגע פראיעקטען. די דאזיגע ארבייט האט
[..]אר די ארבייטערינס זעהר א וויכטיגע באדייטונג. זי ווייזט
[..]י, אז זיי קענען פארבעסערן זייער לאגע בלויז אין פאראייני־
[..]נג מיט די ארבייטער, אז די סאפרעדזש ארגאניזאציע און
[..]נדערע פרויען פארטייען קענען ניט פארזיכערן זייערע אר־
[..]ייטס־רעכטע.

אויף דער לעצטער קאנפערענץ האבען די ארבייטערינס
[..]יינענטליך ארויסגעצייגט א פאליטישע רייפקייט. זיי האבען
[..]נגענומען רעזאלוציעס, וואס האבען ניט צו טאן מיט זייערע
[..]יינענע אינטערעסען. אזוי פאדערען זיי, אז ענגלאנד זאל
[..]ך ניט מישען אין אירלאנדס אנגעלעגענהייטען, און זאל ניט
[..]יקען אהין קיין מיליטער. די קאנפערענץ פאדערט אויף „אז
[..] אליאירטע רעגירונגען זאלען שליסען שלום מיט דער רוסי־
[..]ער רעגירונג און זאלען ערמוטיגען די ענטוויקלונג און דעם
[..]ויסטויש פון אירע נאטירליכע קוועלען״.

עס איז א קאלאסאלער שריט פון דער פאליטישער גלייכ־
[..]לטינקייט פון די פרויען־יוניאנס פון די פריהערדיגע יאהרען
[..]ון דעם פאליטישען אינטערעס, וואס זיי האבען ארויסגעווי־
זען אויף דער לעצטער קאנפערענץ. אזא ענדערונג איז ניט
געקומען פלוצלונג. אמת, דאס לעבען האט פיעל אויפגעטאן,
אבער א גרויסען חלק האט דא אויך גענומען די לייבאר פאר־
טיי. זי האט געזעהן ניט בלויז צו פאראייניגען די איינצעלנע
ראדיקאלע פרויען יוניאנס צווישען זיך, נאר אויך אז די דא־
זיגע יוניאנס זאלען זיין פארבונדען מיט איהר.

אזוי בילדען די פרויען ארגאניזאציעס א „סטענדיג
דזשאינט קאמיטע״ פון אינדוסטריעלע פרויען ארגאניזאציעס.
דער דאזיגער קאמיטעט ארבייט האנד אין האנד מיט דעם
אדווייזארי קאמיטעט פון דער לייבאר פארטיי.

אונטער דעם איינפלוס פון דער לייבאר פארטיי בעציהען
זיך די ארבייטער זעהר סימפאטיש צו פרויען רעכטע. ניט
בלויז וואס זיי קעמפען פאר זיי, נאר זיי שטימען פאר זיי.
אזוי האבען די פרויען געקראגען דאס רעכט צו זיין ראטס־
מיטגלידער, און זיינען אויסגעקליבען געווארען: מיוניסיפאל,
70; קאונטרי, 7; שטאדטישע באצירקען, 22 — פרויען־אויפ־
זעהער.

פרויען אין ענגלאנד קענען איצט זיין „דזשאסטיסעס אוו
פיעס״ (פריעדען־ריכטער), און מרס. סידניי וועב און גערטרוד
טאקוועל זיינען באשט -- געווארען פאר דער דאזיגער שטעלע
פון לארד טשענסעלאר.

אין אמעריקא האבען פרויען אנגעהויבען צו קריגען שטימ־
רעכט פריהער ווי אין ענגלאנד. אמת, דא וואו פרויען האבען
שוין יע שטימרעכט, האבען זיי גלייכע רעכטע מיט די מענער;
און פון דעסטוועגען האט די פרוי אין ענגלאנד פעל מעהר אופ־
געטאן. דאס איז צוליעב דעם, וואס די ארבייטערין איז דאר־
טען פיעל טעטיגער, און פון דער סאפרעדזש פארטיי קען די
ארבייטערין קיין זאך ניט ערווארטען. זי איז ניט פאראינטע־
רעסירט אין דער ארבייטער־פראגע.

אלט־היימישען דארף. ווען איר פארט ארויס פון דער גרויסער שטאט און זעהט ערגעץ אויפ'ן לאנד פארזייטע פעלדער, געפלאנצטע גערטנער און בלומען ארום הויז, מעגט איר זיין זיכער, אז דאס באלאנגט אלץ צו גרינע אדער האלב־גרינע איטאליענער, פאליאקען, דייטשען און רוסען. די ליבע פון אט די נאך ניט גאנץ פארטריקענטע פעלקער צום שטילען, דארפישען לעבען איז אפט אזוי שטארק, אז אפילו אין דער ענגשאפט און שטיקענים פונ'ם ניו יארקער קאך־קעסעל, אביסעל ווייטער פון שטאט־צענטער, קליגען זיי זיך, די עטליכע שפאן ערד וואס זיי האבען ארום זייערע קליינע ארימע הייזלאך, צו פערוואנדלען אין א גארטען, צו באפוצען מיט בלומען.

פון אלע פריש־איינגעוואנדערטע פעלקער אין אמעריקא זיינען אידען פיליכט דאס איינציגע פאלק, וואס בילדעט כמעט אין גאנצען די שטאטיגע באפעלקערונג אומעטום אין דער נייער וועלט; וואס ביי אים איז, מער ווי ביי אלעמען, אטראפירט (אפגעטויט) דער חוש פאר א געזונטען לעבען נעהנטער צו דער נאטור. און דעריבער ליידען מיר מער פון אלעמען פון די וואונדען מיט וועלכע דער גרויסשטאטיגער לעבען איז דורכגעדרונגען. שולדיג אין דעם זיינען ניט מיר אליין. א גאנצע רייה היסטארישע און אנדערע סבות האבען שווער געמאכט פאר אונז צו בויען אונזער לעבען אין דער נייער היים אויף געזינטערע יסודות. די קראם און דער שאפ — ביידע אין שטאט — דאס זיינען די איינציגע קוואלען פון וואנען דער איינגעוואנדערטער איד קאן ציהען זיין חיונה. אמת, פאר די פעהיגערע מענשען זיינען אפען אינטעליגענטע פראפעסיעס. א היימישער גנב קאן דא לייכט ווערען א דאקטאר. אבער די אינטעליגענטע פרנסות זיינען אויך כמעט אלע פארבונדען מיט דער שטאט און ווערען באטראכט אלס פשוט'ע קאריערעס, אלס מיטעל צו מאכען געלד און לעבען שעהן.

פאר דעם ארבייטער און קליינהענדלער, וועלכער איז אייגענטליך דערזעלבער פראלעטאריער, איז צו לעבען אין שטאט פאר די לעצטע יארען געווארען ממש א גיהנום. דער יקרות אויף דירות, די שווערקייט בכלל צו קריגען א דירה; דער יקרות אויף אלע מיטלען פון לעבען; די צרות פונ'ם לענדלארד — דאס אלץ ברייגגט דעם ארבייטער אין פארצווייפלונג. איבערהויפט אין זומערדיגע היצען. ארויספארען אפרוהען זיך אויף א פאר וואכען אין „קאונטרי" איז אזא לוקסוס, וואס זעלטען וועלכער ארבייטער קאן זיך דאס פארגינען, צוליעב די הויכע פרייזען, וואס מ'רייסט אין די בארדינג־הייזער — פון דרייסיג ביז פערציג דאלער א וואך. און סוף כל סוף האט מען אפילו אויך אין די בארדינג־הייזער ניט דאס נויטיגסטע, צו וואס מען שטרעבט, פארלאזענדיג די שטאט. מ'האט ניט די רוהיגקייט, וואס איז אזוי נויטיג פאר קערפער און גייסט.

פרעדיגען דעם אידישען ארבייטער ער זאל ארויס פון שטאט און פון שאפ און ווערען א פארמער איז ארויסגעווארפענע ארבייט, צוליב די סבות, וואס זיינען אויבען אנגעוויזען, און וואס זיינען איבריגענס א סך ארבייטער באוואוסט. מיר ראכט, אז דער איינציגער אויסוועג פון דער לאגע איז בויען ארום ניו יארק און אנדערע גרויסע אידישע צענטערס קאאפעראטיווע ארבייטער־קאלאניעס, אדער גארטען־שטעטלאך. די זאך איז גאר ניט אזוי שווער אויסצופירען, ווי א סך שטעלען זיך פאר. אויף א שטרעקע פון א שטונדע רייזע פון ניו יארק מיט דער באן, אדער עפעס מער, קאן מען לייכט קריגען צו קויפען פארמס פון עטליכע צעהנדליג אקער לאנד אין געזונטע געגענדען, און פארוואנדלען די פארמס אין ארבייטער־קאלאניעס. די קאלאניעס דארפען ניט זיין קיין גרויסע. א פארם פון דרייסיג, פערציג אקער איז גענוג פאר דרייסיג, פערציג ארבייטער־פאמיליעס. אן אקער לאנד פאר איין גרעסערע פאמיליע, אדער פאר צוויי קלענערע געזינדען, וואס ווילען און קאנען וואוינען צוזאמען, איז פאלקאם גענוג. ס'איז איבער גענוג אפילו א האלבער אקער פאר א פאמיליע: צו האבען א פרייען פלאץ ארום דער הויז, מיט א גארטען פון גרינס און פרוכט הינטער'ן הויז, מיט א בלומען־גארטען אין פראנט פון דער הויז. אונטער דער לייטונג פון סטאליארעס־ספעציאליסטען און געניטע פארמער, קאן יעדער ארבייטער אויפבויען אויף זיין פלאץ זיין אייגען הייזעל, בישלעכווייז זי אויסבעסערען, מאכען באקוועמער און פאלקאם נוצבאר צו וואוינען דערין א גאנץ יאר — זומער און ווינטער. א העלפט באדען פון דער קאלאניע, אדער גארטען־שטעטעל, קאן בעארבייט ווערען קאאפעראטיוו. דער גאנצער עקאנאמישער און אפילו געזעלשאפטליכער לעבען קאן דא געבויט ווערען אויף קאאפעראטיווע יסודות. עטליכע אזוינע קאלאניעס, אין נאהענטער שכנשאפט מיט אנאנדער, קאנען ענטוויקלען זעהר אן אינטערעסאנטען געזעלשאפטליכען לעבען. מ'קאן פארלייכטערן די פארבינדונג מיט דער שטאט, פארשאפענדיג זיך אן אויטאמאביל. מ'קאן בויען א שול פאר די קינדער און געבען זיי אן ערציהונג וואס זאל מער הארמאנירען מיט די אידעאלען פון די ראדיקאלע עלטערן, ווי די פובליק־סקול.

---

די ערשטע ארבייטער־קאלאניע, וואס שטעלט זיך אונטער פאר אזוינע אויפגאבען, ווי די, וואס זיינען אנגעוויזען אין אט דעם ארטיקעל, האלט ביים פארווירקליכט ווערען. זי ווערט געבויט פון א גרופע ראדיקאלע ארבייטער־וועגעטאריער. די קאנסטיטוציע פון אט דער ערשטער אידישער קאאפעראטיווער גארטען־שטעטעל אין אמעריקא קאן דינען אלס א מוסטער פאר אנדערע, אפילו ניט וועגעטאריער, וואס ווילען באקומען אזעלכע גארטען־שטעטלאך. אין קומענדיגען נומער „פריינד" וועל איך באקאנט מאכען די לעזער מיט די גרונד־פרינציפען פון אט דער קאנסטיטושאן. דא וועל איך נאר אנווייזען, אז ביי די וועגעטאריער, וואס געהען איצט בויען זייער אייגענע קאלאניע, איז דער וועגעטאריזם ניט דער איינציגער און אפילו ניט דער הויפט־צוועק פון זייער אויפטו. זיי ווילען בכלל ארגאניזירען זייער פערזענליכען און געזעלשאפטליכען לעבען אויף בעסערע, איידעלערע יסודות וואס זאלען מער שטימען מיט די אידעאלען וועלכע באגייסטערן די פארטגעשריטענע מאסען אין איצטיגען מאמענט.

---

מאטעס ל.:

# איך האב איהם געפרעגט

איך האב איהם געפרעגט: ווי איז עס געווען,
וואס, אויפ'ן שלאכטפעלד האסטו, ברודער, געזעהן ?...
און בלייך,
ניט געענטפערט ער האט ק'ן ווארט,
ווי ניט געווען ער וואלט גאר דארט...
ניט געווען, ניט געזעהן —
און גארנישט ניט מיטגענומען..

יע,
דו שווייגסט.
און אין דיין שטיל־שווייגען, ברודער מיינער,
הער איך א כארכלען, ציינען־קריצען, א גוסס'דיג ברומען...
אלעס,
פון אלעם דערצעהלט מיר דיין צושראקענע אויג,
דיין מורא'דיגער שטומען...

י. ל. קאלושינער:

# מיינע טעג

נאך ווערען מיינע טעג פון מיר אליין בארוישט אין שאפ,
צופיצעלט אין א ווילדען געקויף;
נאך זיי ווילד לויפען נאך געדאנקען פון מיין שווערען קאפ,
נאך גיכער ווי זיי בליצען אויף...

און מיט די הענד פארוויש איך אין מיין הארץ די שטומע שרעק
וואס קלאפט אין מיר פון שאפ גערוויש;
און מיט די פיס ביי מיין מאשין, צוטרעט איך מיינע טעג,
און שטעפ מיר מיינע כחות אויס....

---

אל. גוריה.

# פּאָר קיינעם ניט

(סקיצע)

דאָס געקלאַפּעריי פון די מאַשינען, וואָס האָט אפּגעשלאָגען אין דעם קליינעם אָפיס מיט אַ פאַרטויבענדען גערויש, האָט אויסגעזעהען, ווי קיינמאָל ניט אויסצוהערען. ס'האָט געזשומעט און זיך געשלאָגען דער גערויש אינ'ם איינציגען פענסטער אריין, און פאַרשטעלט מיט זיך דעם גערויש אין גאַס, וועלכע איז געלעגען מיט צוויי שטאָק נידעריגער. ער האָט זיך אויף אריינגעמישט אין די רייד פון דער בוכהאַלטערין מיט איהר בעל־הבית. עס איז אויסגעקומען צו ריידען הויך, ווען מען האָט געוואָלט געהערט ווערען. און דער בעל־הבית, דער שטענדיג צוטראָגענער, מיט'ן שטענדיג פאַרכמורעטען פּנים, טריבען בליק און מיט'ן הויכען שטערן, ארורכגעשניטען מיט אַ פאַרדריסליכען קנייטש, איז שטענדיג געווען אומצופרידען. ער האָט גערעדט שרייענדיג, פאָרערענדיג, און די אָרעמע בוכהאַלטערין האָט מיט אַ צורייצטקייט און צוטראָגענקייט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, אז זי הערט און פאַרשטעהט.

זי איז געווען אַ הויכע, מיט אַ בלאַס פּנים, מיט פאַרבלאָזע האָר, מיט אונבאַדייטענדע גאָר־ניט־אויסדריקענדע אויגע; זי איז אין גאַנצען געווען באַדעקט, ווי מיט אַן אומבאַמערקטען נעבעל, וואָס האָט איהר אזוי געקליידט, וואָס האָט זיך אזוי צוגעפּאַסט צו איהרע מידע־איינאַרטיגע באַוועגונגען, צו איהרע איינע און די זעלבינע ארבייטען און צו דעם קיינמאָלניט בייטענדען אויסדרוק פון איהר פּנים. זי האָט זיך געפּאַרבט און זיך אָנגעשטרענגט צו וואָס מעהר צו צודעקען די עלטער מיט יונגקייט. אין איהר קאָפּ איז קיינמאָל אין דער לעצטער צייט ניט געבוירען געוואָרען קיין איינציגער געדאַנק, און אין איהר זכרון האָט זיך נאָר אָבגעשטעלט אַ שאָטען פון גליק וועגען וועלכען עס קען זיין, זי האָט מיט יאָהרען צוריק זעהר פיעל גע'חלומ'ט.

אפשר אַמאָל, נור ניט די לעצטע צייטען האָט ווען עס איז געטראָפּען, אז עס זאָל זי באַפאַלען אַ העלער באַגער זיך אָפּצורייסען פון דעם נודנעם, שוין אזוי גוט באַקאַנטען לעבען, אָדער ס'זאָל אַ שיין טאָן אַ ליכט אין איהר נשמה, וואָס זאָל זי אוועקטראָגען אין אַן אַנדערע, שעהנערע, אינטערעסאַנטערע זייט פון לעבען.

עס איז שוין אזוי אויסגעקומען, אז זי האָט קיינמאָל ניט אַ טראַכט געטאָן, וואָס פון דעם וועט ווערען. עפּעס ווי ניט זי, נור אַן אַנדערע זאָל טאָן אָט די ארבייט, אויסהערען די געשרייען פון בעל־הבית און פיהלען ווי הענד און פיס ציטערען פאַר צעטראָגענקייט. שרייען, ענטפערן אויפ'ן העכסטען קול און פיהלען אַ בראַנד אין דער קעהל—מעהר ניט, נור זי זיצט דאָ דערביי און הערט און זעהט ווי עס לעבט און מוטשעט זיך אַן אַנדערע אַנשטאָט זי.

די ארבייט דורכ'ן גאַנצען טאָג איז געווען ביי איהר ווי אַ שטרענג־ניצליכע. אליין, ווי אַן אַטאָמאַט, געגאַנגען פון איין ארבייט צו אַן אַנדערע, זעלטען ווען דערפיהלט די מיעדקייט, זעלטען ווען אראָפּגעלאָזט די הענד, כדי איינמאָל פאַר אַלע מאָל זיך צו צוזעצען. עס איז געווען ווי די ארבייט מוז געטאָן ווערען, אַ צופעליגער, איבעריגער מַרית האָט ניט געטאָרט זיין, ווען דאָס איז ניט וויכטיג געווען צום געשעפט.

זי האָט גערעכענט, פאַרשריבען, גערעדט דורכ'ן טעלעפאָן, גע'רודפ'ט געוואָרען פונ'ם בעל־הבית, אויסגערעכענט די שכירות פאַר די ארבייטער און דאָס זיי אויסגעטיילט—אזוי יאָהר נאָך יאָהר, טאָג נאָך טאָג, מיט דעם קליינעם אונטערשייד וואָס אַמאָל ביי ד ע ם בעל־הבית און אַמאָל ביי אַן אַנדערען בעל־הבית.

ביים שכירות אויסטיילען איז זי געווען זעהר שטרענג צו די ארבייטער. ווען אימיצענס האַנד האָט זיך אַ ציה געטאָן ניט נערפּענערהייד, האָט זי פאַמעלעך אויפגעהויבן איהר אויגען און קוקענדיג אויף מענשען, צו וועמען די האַנד האָט באַלאַנגט, אַ זאָג געטאָן:

— שטעהט אין דער רייהע; יעדער וועט זיינס קריגען.

אין איהר רעדען איז שטענדיג אבער געלעגען מוטערליכע ווייכקייט. אזוי רעדען מענשען, וואָס ווילען נאָך עפּעס פריינדליכקייט אָנהאַלטען אינ'ם לעבען — זי איז געווען זעהר אַ גוטע, ווען זי האָט גערעדט צו די ארבייטער, אָפּט האָט זי צוליעב זיי, אָן זיך אַליין פאַרגעסען. אָפט שטעהענדיג ארומגערינגעלט פון די ארבייטער אין אַ פרייע צייט האָט זי געמאַכט דעם איינדרוק מיט איהר האַלטונג און באַציהונג, ווי זי וואָלט וועלען דערמיט צו פאַרשטעהן געבען די ארבייטער, אַז זי איז מיט זיי אויף איינעם און דעם זעלבען מזל.

די ארבייטער, אָרגאַניזירטע יוניאָן־לייט, וואָס זיינען מיט'ן בעל־הבית קיינמאָל ניט געווען אין דער באַציהונג, ווי אַ שקלאַף דאַרף זיין, אָדער ווי זי איז געווען מיט איהר ברויט געבער, האָבען געפּלעגט פון דעסטוועגען שטאַרק אָבשאַצען איהר געבען זיי דעם איינדרוק אַז זי איז מיט זיי אויף איין מזל, און איהר ארויסגעוויזען אַ ברידערליכען געפיהל און אכטונג. אויך אין דער צייט ווען זי האָט פאַנאַנדערגעטיילט זייער וואָכען־שכירות און דערביי געוויזען אַ פּנים, ווי פאַר איהר וואָלטען געשטאַנען ניט קיין מענשען, וואָס זיינען לעבעדיגע נפשות און קענען דענקען, נור הענד, וואָס רייסען זיך צום געלד, אויך דאַמאָלט האָבען די ארבייטער גוטמוטיג געשמייכעלט און אין יעדענס שמייכעל איז געלעגען דאָס שרייענדע וואָרט: „מיר זיינען דיר מוחל...“

מיטאָג צייט, ווען יעדער ארבייטער, וואַרפט די ארבייט פון די הענד, ווייל דאָס איז זיין צייט, וואָס באַלאַנגט צו איהם און קען מיט איהר—מיט דער צייט—טאָן וואָס ער וויל, לאָזען זיי זיך, די ארבייטער, נאָכ'ן אָפּעסען, געהן אראָפּ צו דער גאַס. דער אראָפּגאַנג צו דער גאַס, געפינענדיג זיך ביים אָפיס, האָט זיי אַלעמאָל געגעבען די מעגליכקייט צו זעהן ווי אָט אין יענער פרייע שעה אפילו איז די בוכהאַלטערין אויך נאָך אַלץ באַשעפטיגט ביי די ביכער אָדער ביים טעלעפאָן.

די בוכהאַלטערין האָט זיך זעלטען באַנוצט מיט דער דאָזיגער פרייע שעה פאַר איהר אייגענעם צוועק. אָבער די דאָזיגע פרייע שעה האָט פיעל מאָל אַ סך וועהטאָג אויפגעקאָכט אין איהר בלוט.

ניט איינמאָל האָט פּאַסירט אין אזאַ מיטאָג־שעה, ווען עס איז שטיל געווען אין פאַבריק: אַ טייל פון די ארבייטער זיינען געווען אויפ'ן גאַס, און די, וואָס זיינען פאַרבליבען זיינען געזעסען ערגעץ צווישען די שטעהן־געבליבענע מאַשינען, עסענדיג זייערע קאַרגע מיטאָגס און אריינקוקענדיג אין אַ צייטונג, אָדער רויכענדיג אָדער זינגענדיג פאַרטראַכט, אָדער איבערשמועסענדיג צווישען זיך, האָט די בוכהאַלטערין פון איהר אָפיס אריבער דעם ווענטעל וואָס טיילט דעם אָפיס אָפּ פון פאַבריק געזעהן די שוואַרצע רעדער ארומגעכאַפּט פון שוואַרצע לעדער־פּאַסען קוקען חוזק'ליך אויף איהר. זי האָט געהערט די שטילקייט ארויסקריכען וואָס אַמאָל מעהר און מעהר פון איהר באַהאַלטעניש, וואָס אין פאַבריק און געפיהלט, ווי איהרע הענד און פיס ווערען פון עפּעס אַזאַ שווערקייט באַפאַלען און געפּענטעט.

פון דער גאַס אונטען, האָט ארויפגערייכט דער טומעל אַזאַ רופענדער; אַזאַ צוזאָגענדער. דער טאָג אין דרויסען איז געווען שוין אין מיטען וועג, אונטען זיינען מענשען אראָפּגעלאָפען זיך באַגעגענען מיט'ן טאָג. זי האָט עטליכע מאָל אַ קער געטאָן דעם קאָפּ צום פענסטער, געפיהלט אַן אונרוהקייט ערגעץ אין זיך, אַ פאַרדראָס, פיעל מאָל אַ מאָמענטאַלער, נאָך וועלכען זי האָט זיך געוואָלט ווידער אכאַפּ טאָן צו דער דרעסערינגע ארבייט, ווי דאָס וואָלט געווען זעהר נויטיג, וויכטיגער ווי דאָס, וואָס זי האָט געקענט געניסען פון אַ פרייער שעה.

נור די שלייפען, וואָס האָבען דאָן ווי מיט האַמערס מורא'דיג געשלאָגען אין די ווינקלען אויגען, וואוהין דער נעבעל פונ'ם אָפיס איז ווי אַ בייסענדער שלאַנג פאַרקראָכען, האָבען זי די ארבייט ניט געלאָזט טאָן.

די געדאַנקען האָבען שוין ניט געוואָלט ארבייטען אינ'ם קבר־שטילקייט, וואָס איז געלעגען ווי אַ שווערניש איבער'ן אָפיס. און אַז זי האָט געזעהן, אַז די ארבייט געהט איהר ניט, אַז זי מאַכט כסדר טעות'ן, האָט זי ארויסגעלעגט פון די האַנט די פעדער, אַ ווייל געקוקט פאַר זיך אַן אומבאַהאָלפענע, האַלטענדיג איין האַנט אויפ'ן טיש, דערנאָכדעם ארונטערגעוואָרפען דעם קאָפּ און ליגען געבליבען ווי אַ גע'הרג'עטע אויף דער אָנלעהן פון שטול.

איצט זאָל די וועלט איינגעזונקען ווערען, די ערד זאָל צרשאָטען ווערען — דאָס הארץ איהרס וואָלט ניט קיין ציטער געטאָן, דאָס מויל וואָלט ניט קיין איין וואָרט ארויסגערעדט וועגען הילף, ווען זי וואָלט מוזען אומקומען צוזאַמען מיט אָט דעם חורבן. זי האָט צוגעמאַכט די אויגען: זאָל אלץ שלאָפען, שלאָפען. אזוי ליגענדיג האָט זיך איהר געדוכט, אז אויך די וועלט רוהט אָפּ מיט דעם גאַנצען גהינום פון איהר באוועגונג, אז אָט־אָט וועט שלאָגען פון ערגעץ די לעצטע שעה און אלץ וועט שטעהן בלייבען — זי, די צייט, די וועלט, דאָס לעבען...

דערווייל האָט דערנעהנטערט זיך די צייט, ווען די ארבייט דאַרף ווידער אָנגעפאַנגען ווערען. די ארבייטער הויבען אָן אָנצוקומען מחנות־ווייז. די בוכהאַלטערין שטעהט שוין אויף די פיס, טוט שוין איהר ארבייט. די ארבייטער פאַרבייגעהענדיג דעם אָפיס שמייכלען, אָנקוקענדיג איר גוטמוטיג. און זי אליין האָט שוין דערווייל צוריק צו אייניגע אָפּגעשמייכעלט, אליין ניט וויסענדיג פאַרוואָס. ניט אלע ארבייטער פלעגען באַמערקען איהרע צוריקשמייכלען, ווייל ניט אלע ארבייטער האָבען עס אויסגעקוקט אָט ביי דער הויכער מיידעל, די שטענדיג פאַרשקאַפּטע, צו זעהן א שמייכעל. אויך זי אליין האָט זיך דערווייל געכאַפּט, אז עס „קומט עפּעס ניט אויס שעהן" גלאַט אזוי צו ענטפערן אויף א מענער־שמייכעל, ווען מען ווייסט ניט צו וואָס דער שמייכעל זיינער איז איהר געגעבען געוואָרען.

אָבער גוט איז דאָך איהר אויף'ן האַרצען געוואָרען דערפון. עס איז עפּעס פאַראַן אזוי פיעל אינטערעסאַנטעס, היימליכעס אין דעם. עס איז עפּעס אַנדערש דער געפיהל וואָס בלייבט דערנאָך, א געפיהל, וואָס לאָזט איהר ניט מעהר פאַרגעסען, אז זי איז ווייט, ווייט ניט אויף איין מזל מיט זיי, מיט די אלע ארבייטער און עס לוינט זיך צו שמייכלען און פיהלען זיך מיט זיי צוזאַמען.

און זי האָט געשמייכעלט צו יעדען ארבייטער, וואָס איז איצט ארויפגעקומען פון גאַס, האָט אָנגעהויבען לענגער אָנהאַלטען דעם בליק אויף וועלכען עס איז פון זיי. געפיהלט, אז דאָס איז ניט זעהר גוט און ניט איבעריג אַנשטענדיג, אָבער ווי לאַנג איז דער שיעור צו זיין אליין. זי האָט ניט געוואָלט בלייבען די איינציגע. אין אזעלכע רגע'ס האָט זי עס דערפיהלט.

צו זיין שטענדיג געזעלשאַפטליך, פריינדליך, דאָס איז געוואָרען איהר אייביגע טבע, אָבער דאָס איז געווען אַמאָל, ווייזט אויס ביז דאַמאָלט, ווען מענשען האָבען באַמערקט, אז זי האָט אויך זעלטענע אייגענשאַפטען; אייגענשאַפטען וואָס לאָזען זיך באַהערשען, וואָס ווילען באַהערשט ווערען און פאַרקנעכטעט ווערען. און מענשען האָבען געפאָדערט איהרע כחות, איהר פאַרשטאַנד, איהר צייט, און זיי האָט דאָס אלץ געגעבען.

נו, און איצט? איז דען פאַראַן נאָך צייט צוריק־צו־געפונען א לאַנג פאַרלוירענע זאַך?

---

אז אין דער פאַבריק, הינטער'ן ווענטעל, האָבען א קרעכץ געטאָן די מאַשינען, די שלאָפענדע רעדער האָבען זיך אויפגעכאַפּט און דאָס געוועהנליכע האָט ווידער אָנגעהויבען, האָט די בוכהאַלטערין געפיהלט, אז אייגענטליך האָט זי שוין גאָר ניט צו קיינעם. ס'איז געווען עפּעס אַמאָל מסתם, געווים איז געווען עפּעס, נור עס איז אַוועק אויף ניט צו קומען צוריק... זי נור איז געבליבען די איינציגע, אליין, זי האָט היינט געשמייכעלט, איז דאָס א שמייכעל אָט אזוי, ווען זי פאַרקרימט איהר מויל? ווער דאַרף דען, אז זי זאָל שמייכלען? האָט זי נאָך עפּעס וואָס פאַר וועמען, אז אייגענטליך האָט זי שוין גאָר ניט פאַר קיינעם. גאָר ניט, גאָר ניט.

# באטראכטונגען וועגען דער 20טער קאנווענשאן פון א.ר.

פון ה. בורגין.

דער פולער רעפּאָרט וועגען דער קאָנווענשאָן אין יולי נומער „פריינד" האָט אָפּגעפרישט די איינדריקע, וואָס די צייטונגס־בעריכטען וועגען דער קאָנווענשאָן האָבען אויף מיר געמאַכט, — און איך גיב זיי דאָ איבער יעצט. בעסער שפּעטער, איידער קיינמאָל ניט.

פריהער פון אלעם וועגען די רעדנער. אונזערע טוער, זאָל זיי דאָס צו קיין גנאי ניט זיין, האַלטען ניט פון פסוק: יהללוך זר ולא פיך. כמעט יעדער פון זיי האָט געהאַלטען פאַר נויטיג צו באַרימען זיך מיט זיין איבערגעבענהייט צום ארבייטער רינג. קיינער וויל ניט אַוועקנעמען זייערע פאַרדינסטען פאַר'ן אָרדען. אָבער עס איז דאָך פריקרע צו הערען, ווי איינער פאַרזיכערט, אז ער „האָט זיין פאַמיליע פאַרנאַכלעסיגט", „זיינע כחות אַוועקגעלייגט", „דעם לעבען אָפּגעגעבען" פאַר'ן ארבייטער רינג. ממה נפשך: איז זייער ארבייט געווען גוט, דאַרף דער באַוואוסטזיין אליין, אז זיי האָבען געטאָן זייער פליכט, זיין זייער שכר; אויב, וויעדער, זייער ארבייט האָט ניט געטויגט, טאָ וואָס וועט זיי העלפען די זעלבסט־באַרימעריי?

אויך גרילצען אין די אויערען די לויב־געזאַנגען צום ארבייטער־רינג גופא. דער ארבייטער־רינג איז דאָך ניט קיין דאַמע, צו וועלכען מען דאַרף זיך ערקלערען אין ליעבע. א באַוועגונג נויטיגט זיך ניט אין ליעבעס־ערקלערונגען, נאָר אין ארבייט. זיסע רייד, קלינגענדע פראַזען פאַסען זיך נאָר פאַר בורזשואַזע צוזאַמענפאָרען, פאַר פילאַנטראָפּישע קאָנווענשאָנס, וואו די אַבוועזענהייט פון אידעאַלען מוז אויסגעפילט ווערען מיט שבחים. אָבער ווען א קאָנגרעס פון ארבייטער, וועלכע האָבען פאַר זייערע אויגען דעם שווערען קאַמף פאַר'ן ארבייטער'ס אידעאַלען, גיט זיך אָפּ מיט לויב־געזאַנגען, וועקט ער מיט דעם א חשד, אז די אידעאַלען זיינען ביי אים נאָר דאָס זעלבע, וואָס א טלית קטן ביי א קאַראַאימער.

וואָלטען נאָך די שבחים געווען אָריגינעלע, וואָלט נאָך געווען צו דערליידען. אָבער, ליידער, זיינען זיי אלע מייסטענס אויף איין מאָטיוו, אזעלכע, וואָס געהען איבער בקבלה פון קאָנווענשאָן צו קאָנווענשאָן.

פון די רעדעס און די באַריכטען אויף דער קאָנווענשאָן זעהט זיך ניט אַרויס, צי די דעלעגאַטען האָבען א קלאָרען באַגריף וועגען דעם, וואָס דער ארבייטער רינג דאַרף און מוז יעצט שטענדיג פאַרפאָלגען.

עס איז געווען א צייט — און נאָך גאָר ניט לאַנג — ווען די באַוועגונג איז געווען געגליכען צו א שטילען טייך. רוהיג און גלאַט איז דאָרט אימער געווען. יעדער האָט זיך אין איר געפילט זעלבסט־צופרידען,: שטימט א סאָציאַליסטישען טיקעט, איז א מעמבער פון ארבייטער רינג; גיט א מאָל א „פאָר טאָלער" — א גוטער גענאָסע. א שטייגער ווי דער בעל־הבית'ישער איד גלעט זיך איבער'ן בייכעל: א גבאי פון א שול, לערנט א פרק משניות, גיט א נדבה — א פיינער איד. די ארבייטער באַוועגונג פלעגט אין אַלגעמיין באַטראַכט ווערען ווי א מין שול אָדער חברה, וואו מען דאַרף נאָר טאָן איינמאָל פאַר אלע מאָל באַשטימטע פליכטען. אזעלכע זאַכען ווי קאַמף, צ. ב. ש., רעוואָלוציאָן, סאָציאַליזם א. ד. ג., זיינען געווען באַגריפע פון ווייטען לעתיד לבא. גוט און — הויפּטזעכליך — באַקוועם איז געווען צו זיין א גענאָסע: עס איז געווען פיין פאַר גאָט און פאַר לייטען.

יענע צייט איז שוין אָבער — ליידער, אָדער גאָט צו דאַנקען, — פאַריבער. די באַוועגונג איז שוין יעצט ניט דער אַמאָליגער שטעהענדער טייכעל, נאָר א ברויזענדער ים איבער דער גאַנצער וועלט. זי האָט אַרויסגערוקט נייע פּראָבלעמען און פאָדערט באַשטימטע אַנטוואָרטען אויף ברענענדע טאָגעס־פראַגען.

שרעקט זיך ניט. איך פאָדער ניט אויף דעם ארבייטער־רינג צו באַריקאַדען אויף צו פאַרווירקליכען שוין באַלד די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט. וואָס מען קען אָבער פון אים יאָ פאַרלאַנגען, איז, אז ער זאָל אין יעדען „שטאָך ארבייט" האָבען אין זינען דעם ענד־ציעל און צופאַסען צו אים יעדע טהאַט זיינע. פון דער שיר־השירים קאָנווענשאָן, — ווי איינער פון די רעדנער האָט זי מליצה'דיג כאַראַקטעריזירט, — האָט מען דאָך לכל הפחות געקענט ערוואַרטען, אז זי זאָל ווייזען, דאָס אין אָרדען שלאָגט ווירקליך דער פולס פון אַלוועלטליכען היסטאָרישען קאַמף. ליידער, האָט זי דאָס ניט געוויזען; ליידער, איז

י געהען ענליך צו די ביז־אַהעריגע קאָנווענשאַנס...

אָבער — וועט מען מיר פרעגען — האָט דען די קאָנווענשאַן ניט געפאַסט קיין רייהע ראַדיקאַלע רעזאָלוציאָנען?

וועל איך ענטפערן, אַז ערשטענס זיינען רעזאָלוציאָנען גוט, ווען זיי זיינען אין איינקלאַנג מיט טהאַטען; און אַז, צווייטענס, פאָדערט זיך גאָר ניט קיין קאָנגרעס פון אַרבייטער דווקא אויף צו פאַסען אַזעלכע רעזאָלוציאָנען: די ליבעראַל־בורזשואַזע „48־ער״ האָבען אין שיקאַגאָ געפאַסט ניט ווייניגער, אויב ניט נאָך מעהר, ראַדיקאַלע רעזאָלוציאָנען. די דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאַן פון אַרבייטער רינג וואָלטען פאַרדייהט נאָך אינהאַלטסרייכערע רעזאָלוציאָנען. אָט האָבען זיי דאָך האַרציג אַפּלאָדירט דעם רעדנער, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט, אַז „דער אַרבייטער רינג. . . . אַרבייט אויפ׳ן געביט פון. . . . . . צייטיג־מאַכען זיינע מיטגלידער פאַר די קומענדע נייע צייט, ווען עס וועלען שוין ניט זיין מעהר קיינע געלע פאָהנען...״ מיט אירע אַפּלאָדיסמענטען האָט די קאָנווענשאַן אַרויסגעוויזען אַ פעהיגקייט אָפּצושאַצען דעם מאָמענט. אָבער אויב אַזוי, האָט זי דאָך איר שטימונג געדאַרפט „פיקסירען״ אין טהאַטען.

די קאָנווענשאַן, וועלכע האָט ניט געזשאַלעוועט קיין שעהנע ווערטער און קיין געלד, איז אָבער געווען קאַרג אויף טהאַטען. די „קאַרגקייט״ האָט זיך אָפּגעשפּיגעלט אויפ׳ן שיקזאַל פון דער פּרינציפּען־ערקלערונג און אויף דער פראַגע וועגען דער „חלוקה״.

פריהער וועגען די ביישטייערונגען. לייענענדיג דעם ערשטען טהייל פון דער רשימה פון אַנשטאַלטען, וואָס די קאָנווענשאַן האָט זיי געשטיצט מיט בייטרעגע, קענט איהר זיך גאָר פאַרגעסען, אַז דאָס איז געווען אויף דער קאָנווענשאַן פון אַרבייטער רינג. אַזאַ רשימה וואָלט, מיט אייניגע אויסנאַמען, געקענט פאַרגעלעזען ווערען אויף אירגענד וועלכער בעל־הבית׳ישער קאָנווענשאַן. אַ גמילת חסדים, צ. ב. ש., מעג זיך זיין וויכטיג אין דער יעצטיגער צייט. אַ מלביש ערומים אויך. אָבער אַזוי איז דאָך נויטיג אויך אַ יונייטעד היברו טשאַריטיס. אויב עס איז ניטאָ וואָס אויסצוזעצען נעגען אַ פערזאָן, וואָס ניט צושטייער אויף טשאַריטיס, איז אָבער יע דאָ וואָס אויסצוזעצען געגען אַ ברענטש פון דער באַוועגונג, וואָס שטעלט זיך אויפ׳ן וועג פון אַנערקענען בירגערליכע טשאַריטיס. דער אַרבייטער־רינג איז דאָך אַ ברענטש פון דער אַרבייטער באַוועגונג. און אַלס אַזעלכער דאַרף ער נאָר שטיצען אַנשטאַלטען, וואָס העלפען ברייגגען די צוקונפט, ניט די, וואָס פאַרלאַטענען די לעבער פון דער געגענוואַרט.

אין צווייטען טהייל זיינען אויסגערעכנט אויך באַוועגונגס־אַנשטאַלטען, ווי צ. ב. ש., די אידישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציע, „די נייע וועלט״, „די פרייע אַרבייטער שטימע״ א. ד. ג. פאַר וואָס די פעדעראַציע און „די נייע וועלט״ זיינען אַריינגעשטעלט אין דער רשימה אַלס באַזונדערע אינסטיטוציעס, איז אַפילו ניט אַזוי קלאָר: משמעות מיט׳ן צוועק צו מאַכען, אַז די שטיצע זאָל זיין אַ דאָפּעלטע. נאָר דאָס וואָלט איך שוין מוחל געווען די צוזאַמענשטעלער פון דער רשימה. איז אָבער די פראַגע: זיינען דען „די נייע וועלט״ און „די פרייע אַרבייטער שטימע״ די איינציגע ראַדיקאַלע אידישע אָרגאַנען, וואָס נויטיגען זיך אין שטיצע? און וואו איז אַזאַ אָרגאַן, ווי „די פונקען, צ. ב. ש., וועלכער נויטיגט זיך נאָך אין אַ גרעסערער מאָס אין שטיצע? צווישען די מעמבערס פון א. ר. זיינען, אָהן צווייפעל, פאַראַן פיעלע לעזער פון דיעזען אָרגאַן, — ניט ווייניגער, יעדענפאַלס, פון דער צאָל לעזער פון „די פרייע אַרבייטער שטימע״, און באַרעכטיגט צו שטיצע פון אַרבייטער־אָרדען איז ער ניט ווייניגער פון יענע צוויי אָרגאַנען; פון „די פרייע אַרבייטער שטימע״, ווי זי איז לעצטענס געווען, געוויס.

וואָס אַנבעלאַנגט דער פּרינציפּען־ערקלערונג, איז פּשוט פיינליך צו לייענען די שטעלע פון באַריכט וועגען איר. ווי בלאַסליך די ביז־אַהעריגע פּרינציפּען־ערקלערונג איז ניט געווען, האָט זי פאָרט געגעבען אַ געוויסען קאָליר דעם אָרדען. דורך איר האָט ער זיך אויסדריקליך געשטעלט אין דער רייהע פון אָרגאַניזאַציאָנען וועלכע קעמפּפען פאַר אַ צייט, וואָס וועט זיין פריי פון „געלע פאָהנען״. זי האָט געוויזען, אַז ווי וואָכעדיג די נאַטור פון אָרדען׳ס ביזנעס איז, באַזיצט ער אָבער די נשמה, פאַר וועלכע פיעלע רעדנער האָבען אים אַזוי געלויבט.

די קאָנווענשאַן האָט אָבער אַוועקגענומען דיזע נשמה. מען זאָגט אונז, אַז דער פּאָליטישער וועטער איז יעצט אַ שלעכטער. מיר ווייסען עס. אָבער איז דען ניט די פליכט פון אַן אַרבייטער פאַרבאַנד צו ערציהען זיינע מיטגלידער פאַר׳ן קאַמף מיט אומגינסטיגע אומשטענדען?

די קאָנווענשאַן האָט מיט צופרידענהייט גוטגעהייסען די שווערע טויזענטער אויף די אַרב. רינג שולעס, וואָס דאַרפען ענטוויקלען ביי די קינדער אַ באַרייטקייט צו קעמפּפען פאַר אידעאַלען. און די זעלבע קאָנווענשאַן גיט די 80 טויזענד מעמבערס, די עלטערן פון די דאָזיגע קינדער, אַ לעסאָן, ווי אַרויסצודרעהען זיך פון קאַמף. אויף דעם ענטפערט מען אונז, אַז מען טאָר ניט שטעלען די עקזיסטענץ פון אָרדען אין סכנה צוליעב אַ פראַזע. אַ פראַזע? הייסט דאָס, אַז די פּרינציפּען־ערקלערונג איז ביי אונז געווען אַ פראַזע? אַן אני־מאמין, וואָס מען זאָגט מאַשינעל, אָהן כונה? ניט קיין וואונדער וואָס די מיטגלידערשאַפט האָט עס צוריקגעוואָרפען מיט אַזאַ ענטשיידענער און איבערוועגענדער מאַיאָריטעט.




אַרטור עסעלין:

## אַ פרעמדער וועג

איצט זעה איך, דער וועג איז אַ פרעמדער,
פאַרנומען פון גליקליכע לייט,
פאַרצאַמט פאַר זיך און פאַרבאָטען...
אומזיסט זיך געשלעפּט אַזוי ווייט.

כ׳האָב פריהער געדאַרפט דאָס ערוואַרטען,
ניט איך בין דאָרט איינער געווען; —
עס האָבען זיך מחנות געלאָזען, —
האָט אַנדערש געקענט דען געשעהן?

גערעכענט — דאָס אייגען וועט העלפען,
געטאָן, וואָס איך האָב ניט געטאָרט...
פאַרפאַלען! — מ׳מוז איצט צוריקגעהן, —
דאָ איז ניטאָ מעהר קיין אָרט...

מלכה ט. חפץ

## ליבער...

ליבער,
נישט ריר אָן מיין שמייכעל־וואואַל,
וואָס דעקט צו מיין פנים:
פיל בעסער אַז דו זאָלסט נישט זעהן,
ווי איך זעה אויס אָן אים...

ליבסטער,
נישט בליק אַריין אין מיין האַרץ
גוטסקייט צו געפינען, —
היט זיך: דיינע שעהנע טרוימען
זאָלען נישט צוריגען!

ליבסטער מיינער,
און נישט פרוב פון מיין נשמה
שעהנקייט צו געניסען:
זאָל גאָט היטען, וואָס דאָרט טוט זיך —
דו זאָלסט זיך דערוויסען!...

# דער איינפלוס פון א.ר. אויף דעם עקאָנאָמישען לעבען פון איד. אַרבייטער

(צום דיסקוטירען)

פון ס. באַרענשטיין

די צייט, ווען מען האָט זיך גערעכענט מיט אַן אָרגאַניזאַציאָן לויט דער צאָהל פון איהרע מיטגליעדער איז אַוועק. מוט, איניציאַטיווע און פּראַקטישע אויפטואונגען — אָט מיט דעם רעכענט מען זיך. די געשיכטע פון גאַנץ גרויסע אָרדענס אין אַמעריקאַ באַשטעטיגט דעם געדאַנק. עס איז איבערפלעכליך צו באַהויפּטען, אַז די אורזאַכע פון זייער אונטערגאַנג איז געווען בלויז דאָס, וואָס זיי האָבען ניט געצאָהלט זייערע ביישטייערונגען וויסענשאַפטליך. די אורזאַכע ליעגט אין זייערע אַלטע פאָראורטיילען און פאַרשימעלטע גרונד־פּרינציפּען: אַזעלכע אָרגאַניזאַציאָנען מוזען סוף כל סוף אונטערגעהן, ווייל דאָס לעבען ענטוויקעלט נייע קרעפטען און לייכטערע מיטלען פאַר דער אויפהאַלטונג פון דער געזעלשאַפט.

דער לייט־מאָטיוו פון אַ. ר. איז — די פאַרבעסערונג פון אַרבייטער׳ס לעבען דורך דעם אַרבייטער זעלבסט — דער אַלט־נייער שטרעבען, וואָס ווערט קיין מאָל ניט אַלט.

דיזער קאַמף מוז זיך שטענדיג בייטען לויט דעם אַנגריף אָדער צודיקטריט פון שונא, און דאָס איז דער סוד, וואָס מאַכט אונזער אַ. ר. אַזוי פעלזען־שטאַרק.

דער אַ. ר. וואַקסט ניט נאָר אין צאָל מיטגלידער און אין רייכטום, נאָר אויך זיין איינפלוס אויף דעם אַלגעמיינעם עקאָנאָמישען און פּאָליטישען געביט.

דער אַ. ר. האָט נאָך אָבער פיעלע מעגליכקייטען, וואָס ער האָט נאָך ביז היינטיגען טאָג ניט אויסגענוצט. דאָס איז אַ דאַנק דעם, וואָס אפילו צווישען אונזערע רייהען איז נאָך ניט אין גאַנצען אויסגעוואָרצעלט דער פאָראורטייל פון טראַדיציאָנען און פּרעצעדענטען — דער פאַרשימעלטער קאָנסערוואַטיווער שרעק פאַר דאָס, וואָס איז ניי.

עס האָבען זיך נאָך ניט באַוויזען צווישען די מיטגלידער פון דעם אַ. ר. גענוג פיהרער, וואָס זאָלען בעגרייפען, אַז די אידעען וואָס האָבען אונז באַגייסטערט אין 1900 האָבען לחלוטין קיין באַדייטונג ניט צו קענען אונז באַגייסטערען איצט.

אפילו דאָס ביסעל צדקה וואָס ווערט געגעבען פון אַ. ר. אויף דער ראַדיקאַלער באַוועגונג האָט אויך קיין באַדייטונג ניט אין פאַרגלייך מיט די מעגליכקייטען וואָס דער אַ. ר. פאַרנאַכלעסיגט.

דער אַ. ר. אַלס אַ גאַנצער מוז זיך אַריינוואַרפען אין דער ק אָ נ ס ו ם ־ ק אָ אָ פּ ע ר אַ ט י ו ו ע ר באַוועגונג, ווייל דאָס איז אין איצטיגען מאָמענט די לעבעדיגסטע, די נויטיגסטע, און צו דערזעלבער צייט די פאַרנאַכלעסיגסטע פראַגע ביי די אידישע אַרבייטער אין אַמעריקאַ.

דער איינפלוס פון אַ. ר. וועט זיך בייטען לויט די אַרומיגע אומגעבונג, לויט דער ענטוויקלונג פון דעם אידישען אַרבייטער, און לויט דער ענטוויקלונג פון די 300,000 נפשות, וואָס ער האָט שוין אונטער זיין פאָהן.

עס איז אמת אַז דיזע אונטערנעמונג איז אַ ריזיגע און אַ זעהר פאַראַנטוואָרטליכע, אָבער מיר גלויבען אַז דער אַ. ר. איז גראָד יעצט שטאַרק גענוג צו טראָגען אויף זיינע אַקסלען אַזאַ פאַראַנטוואָרטליכקייט.

אָט דער נייער שטראָם פון לעבען אין די אָדערען פון אונזער קרעפטיגען אַ. ר. וואָלט געגעבען אַן אימפּעטיגען שוואונג די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג. די אַרבייט וואָלט אָבער באַדאַרפט געשאָן ווערען דירעקט פון צענטראַלען אָפיס און טראָגען אַ נאַציאָנאַלען כאַראַקטער. עס וואָלט אַריינגעבראַכט אַ נייעם מאָראַל אין טעגליכען לעבען פון אַ. ר. דער איינפלוס פון אַ. ר. אויף דעם עקאָנאָמישען, פּאָליטישען און מאָראַלען לעבען פון דעם אַרבייטער וואָלט איבערגעשטיגען זיין גאַנצע הערליכע צוואַנציג־יעהריגע געשיכטע.

(טראָץ דעם וואָס אונזער פּלאַץ אין „פריינד" איז איצט אַזוי באַשרענקט, וועלען מיר מיט פאַרגעניגען געבען פּלאַץ פאַר אַ זאַכליכער דיסקוסיע אין דער אינטערעסאַנטער פראַגע, וואָס פר. ס. באַרענשטיין הייבט דאָ אויף. — די רעדאַקציע.)

# א פּאָר ווערטער

פון י. גוז. ריווקין.

צוריק מיט אַ פּאָר יאָהר איז ערנסט קראַנק געוואָרען מיינער אַ פריינד. ער איז נאָך געווען ניט לאַנג אין לאַנד און נאַטירליך אין ערגעץ ניט באַלאַנגט. נו, נו, זאָלט איהר שוין גאָר ניט פרעגען! ס׳האָט זיך אָנגעהויבען פאַר איהם ליידען אָהן אַ שיעור און אָהן אַן עק. וואָס טוט מען מיט איהם? מיר אַלע פריינד זיינע זענען, ניט אויסגערעדט זאָל זיין, געווען ריכטיגע קבצנים (היינט ניט פיעל רייכער) און געה העלף איהם מיט אַזוינע ליידיגע הענד, רחמנא לצלן. . .

און דאָ האָט דער דאָקטאָר אין קאָפּ אריין מ׳זאָל איהם וואָס שנעלער אַוועקשיקען ערגיץ אין אַ קאָנטרי, אין די בערג, אין אַ סאַניטאַריאום, אבי ער זאָל ניט זיין אין שטאָדט. . . ביטער און פינסטער! וואָס טוט מען, געוואַלד געשריען ? ? נו, איז מען געפאַלען אויף אַן המצאה, (אַזאַ יאָהר אויף אַלע מיינע שונאים) זיך ווענדען צו לאַנדסלייט און עפּעס אויפטון. און לאַנדסלייט האָבען גראַדע אַ טבע, זיי רופען זיך כלומרשט אָפּ און טאַראַראַמען, געוואַלדעווען, און פאַר יעדער פּעני וואָס זיי געבען, ווילען זיי אַנערקענונג כבוד. . . הכלל אויף געהאַקטע צרות האָבען מיר זיך געפיהלט. . . (אַלע זיינע פריינד) און דער תתן־בחור אליין. . . פרעגט בעסער ניט, איך בעט אייך! . .

מ׳האָט געקלאַפּט אין פּושקעס, געטענדעלט, געבעטעלט און אַזוי פיעל בזיון אָנגעליטען זיך (מיר די פריינד זיינע) און ער דער תתן־בחור אליין? גוואַלד פרעגט מיך ניט. ער איז ממש ווי אַ ליכט אויסגעגאַנגען. אקעגען וואָס דערצעהל איך אייך עס, פריינד? טרעפט איך בעט אייך, אַז געזונד זאָלט איהר מיר זיין און ניט דאַרפען אָנקומען צו לאַנדסלייט! . .

און אויב שוין, הליכה, יאָ קראַנק זיין. אויב ס׳איז מן השמים אָנגעצייכענט, מ׳מוז קראַנק זיין, איז כאָטש ניט נעהאָלפען ווערען פון לאַנדסלייט (ישמרנו ה׳ ויצלנו) דערויף איז דאָ אַן אַרבייטער רינג! . . איהר הערט צו ניין ? אַן אַרבייטער רינג! . . אַ רינג פון פעסט־אָרגאַניזירטע אַרבייטער, און ווערט מען חליכה, קראַנק, דאַרף מען ניט קלאַפּען אין טירען פון לאַנדסלייט אָדער ביי רייכע קרובים, אַז זיי זאָלען זיך מרחם זיין און עפּיס געבען. . . אין אַרבייטער רינג בעט מען ניט, איהר הערט! . .

מ׳פאָדערט. . . מ׳פאַרשפּאַרט פאָדערען, ווייל מ׳טוט אליין. . . יעדער מעמבער איז אַבעל הבית. . . ער פיהלט זיך ווי ביי זיך אין דער היים. . .

דער אַרבייטער רינג האָט אַ סאַניטאַריאום אין די הויכע בערג — אין ליבערטי. ס׳רעדט זיך גרינג אויס — אַ סאַניטאַריאום. . . וויפיעל מיה האָבען מענשען אַוועק געלעגט דאָס צו גרינדען, וויפיעל באַליידיגונגען אויסגעשטאַנען, און איצט גרויסט זיך אויף די בערג אַ בנין וואָס הייסט „דער אַרבייטער רינג סאַניטאַריאום". . . איך בין איצט דאָ אין ליבערטי, און שטודיר יעדע זאַך, אויף וויפיעל ס׳גיט זיך מיר נאָר איין. און שטיל פריהט זיך מיין הארץ, ס׳קלאַפּט: טיק־טאַק! טיק־טאַק! מיר אַרבייטער האָבען אַ ווינקעלע פאַר קראַנקע, מידע אַרבייטער־ברידער. און וואָלט איהר אויף טשיקאַוועס געקומען און באַטראַכט ווי די פּאַציענטען לעבען דאָ. אַלעס האָבען זיי דאָ: עסען, טרינקען פון שענסטען און בעסטען, ריינע, זויבערע בעטען, בעדער קאַלטע און הייסע, באַהאַנדלונג ווי ביי דער געטרייסטער מאַמע אין דער היים. . . שאַ. . . כ׳וועל שטילערהייד אייך עפּיס זאָגען (בלחש): און אַ דאָקטאָר האָבען מיר ביז איצט געהאַט — דר. י. ב. פיש, איהם קומט אַ היבש ביסעל קרעדיט פאַר אַלעס. יאָ, אָט אַזוי איז עס, מיין פריינד, ס׳קען שוין גאָר קיין בעסערס דערווייל ניט זיין ווי דאָס וואָס מיר פאַרמאָגען. מיר האָט אַ באַקאַנטער דערצעהלט, אַז ער איז געווען אין אַ סטייט סאַניטאַריאום. נו, נו, פרעגט שוין גאָר ניט. ער האָט געליטען ענוים קשים. פון יעדער מיאוס׳ען גוי אַנ׳אַנדער באַליידיגונג. אַ איד צווייישען איירישע „באָמס". שטעלט אייך פאָר, איטאַליענישע רוצחים מאַכען עס אַביסעל חוזק פון׳ם אידען אין סאַניטאַריאום — אוי פיהלט ער זיך דאָרטען, קלאָגט זיך מיין באַקאַנטער. און דאָ ביי אונז, ביי אונז. . . ווי פריי, ווי גוט. קיינער באַליידיגט ניט (אַלס אַ אידען). נאַטירליך, די פּאַציענטען וואָלטען געדאַרפט דערהייבען זיך צו דער מדרגה, אַז זיי זאָלען געדיינקען וואָס ס׳הייסט צו זיין אַ מעמבער פון אַרבייטער רינג... און ווי אַזוי ער דאַרף זיך האַלטען, אָבער וועגען געוויסע זאַכען און איינינע אויסבעסערונגען אין אַ צווייטען אַרטיקעל.

ליבערטי, נ. י.

# באריכטען פון דער גענעראל עקזעקוטיוו קאמיטע

א רעגולער מאָנאַטליכער מיטינג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע פון אַרבייטער רינג ווערט אָפּגעהאַלטען מיטוואָך אָוועגד, דעם 7טען יולי 1920, מיט פר. י. ישורון אַלס טשערמאַן.

## צ ו ש ר י פ ט ע ן.

פון מאָנטעפיאָר האָספּיטאַל. זיי דריקען אויס אַ דאַנק פאַר די 500 דאָלער וואָס איז באַוויליגט געוואָרען פון דער לעצטער נואַרקער קאָנווענשאַן אַלס יעהרליכע בייסטייערונג צו זייער אַנשטאַלט.

פון דער נואַרקער קאָנווענשאָן אַראַנזשמענט קאָמיטע. — ערקלערען, אַז עס איז זיי געבליבען אַ דעפּיציט פון 145 דאָל., נאָכדעם ווי זיי האָבען אַרונטערגעצויגען דעם סך הכל פון אַלע זייערע הוצאות. זיי בעטען אַז די עקזעקוטיוו זאָל דעקען דיזען דעפּיציט פון דעם קאָנווענשאָן פאָנד. באַשלאָסען זייער פאַרלאַנג צו בעווילינגען.

פון דער אַ. ר. הויז קאָמיטע וואָס איז ערוועהלט געוואָרען ביי דער נואַרקער קאָנווענשאָן. — פר. י. קופּערמאַן, סעקרעטער פון דער קאָם., לאָזט וויסען אַז זיי זיינען אָפּיציעל אינסטאַלירט געוואָרען דעם 6טען יוני. אַלס טשערמאַן פון דער קאָם. איז ערוועהלט געוואָרען פר. ב. לעוויטאַן, און ער (קופּערמאַן) אַלס סעקר. זיי בעטען אַז די עקז. זאָל ערוועהלען אַ פאַרטרעטער צו זייער מיטינג.

פון די נאַצ. באָארד אָוו דירעקטאָרען. — מעלדען אַז זייערע זיצונגען וועלען אָפּגעהאַלטען ווערען דעם 8, 9 און 10טען יולי, זיי בעטען אַז די טשערלייטע פון די דעפּאַרטמענט קאָמיטעס זאָלען זיין אין צייט צו באַריכטען.

פון פר. דזש. בערנשטיין, דעטראָיט. — ער שרייבט אַז מיט אַ צייט צוריק האָט די סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָם. פון דעטראָיט איהם געבעטען אונטערשרייבען אַ וועקסעל צו גאַראַנטירען פאַר די אינבעסטמענטען פאַר דעם אָרטיגען אַ. ר. אָרקעסטער. די סיטי אָרג. קאָם. האָט פון זיך יעצט אַרונטערגענומען די פאַראַנטוואָרטליכקייט און מען מאָנט פון איהם אַרום 75 דאָל. וואָס מען איז געבליבען שולדיג אויף די אינסטרומענטען. ער בעט אַז די עקז. זאָל זעהן אויסצאָהלען דיזע סומע. ער דויטעט אָן אַז די נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָם. צו וועמען ער האָט זיך פריהער געווענדעט וועגען דעם, האָט זיין פאַרלאַנג צוריקגעוויזען. ער שרייבט אַז ער האָט דעם וועקסעל אונטערגעשריבען ניט פאַר אַ פּריוואַטען פּערזאָן נאָר פאַר דעם אַ. ר. אָרקעסטער, וועלכער איז געשטאַנען אָפיציעל אונטער דער אויפזיכט פון דער נאַצ. סיטי אָרג. קאָמיטע. עס ווערט באַשלאָסען איבערצוגעבען די פראַגע צו דער נאַצ. אָרג. און נאַצ. עדיוק. קאָם. מיט דעם סענטימענט אַז יעדער פון זיי זאָל דעקען אַ העלפט פון דער סומע.

פון דער נעשאָנאַל לײדיעס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן. — שיקען צו צוויי טיקעטס צו דעם באַנקעט וואָס ווערט אַראַנזשירט פאַר אַ. באַראָף, סעקרעטאַר־טרעזשורער פון דער אינטערנ. יוניאָן, צו זיין 50־יעהריגען יובילעאום וואָס וועט געפייערט ווערען דעם 16טען יולי.

פון פר. מ. קאָהען, געוועזענער דעלעגאַט צו דער 20־יעהרליכער קאָנווענשאָן. — מאַכט אויפמערקזאַם אַז אויפ'ן רעפערענדום באַלאָט איז ניט אַרויף די 50 דאָל. שטיצע וואָס איז באַוויליגט געוואָרען פון דער קאָנווענשאָן אין נואַרק פאַר דער „פערער שול" אין סטעלטאָן. ער בעט אַז די עקזעקוטיוו זאָל זעהען גוט מאַכען דיזען פעהלער. עס ווערט באַשלאָסען איהם צו ענטפערען, אַז די עקז. קען יעצט צוליב דעם ניט אַרויסשיקען קיין ספּעציעלען רעפערענדום, אָבער מיר וועלען ציהען די אויפמערקזאַמקייט דערצו ביי דער נעכסטער קאָנווענשאָן, אַזוי אַז די פערער שול זאָל פאַקטיש דערפון ניט ליידען.

## ק אָ מ י ט ע ס

פון בר. 106. — ערקלערען, אַז זיי האָבען ערהאַלטען אַ בריעף פון דער נאַצ. גריוועגס קאָם. אַז די פריינדע סינגער און רובין זיינען פאַררעכענט אַלס מעמבערס עט לאַרדזש. די קאָם. ערקלערט, אַז דער בר. האָט ביי זיי די גאַנצע צייט קאָלעקטירט די דיוס, און זיי פאַררעכענט אַלס מיטגליעדער פון בר. דער טשערמאַן ערקלערט דער קאָם. פון בר. 106, אַז מיר וועלען וועגען דעם האַנדלען, און זיי בעטער לאָזען וויסען אונזער באַשלוס. עס ווערט באַשלאָסען צו האַנדלען וועגען דעם נאָך דעם רעפּאָרט פון דער נאַצ. גריוועגס קאָם.

פון די מאָנטריאָל ברענטשעס פון אַ. ר. — פר. לין, נעשאָנאַל באָארד אָוו דירעקטאָרס פון קענעדע, אַפּעלירט אַז די נאַצ. עקז. זאָל זעהן דאָס די קומענדע קאָנווענשאָן זאָל אָפּגעהאַלטען ווערען אין מאָנטריאָל. ער בעט אויך אין נאָמען פון די קענעדער ברענטשעס, אַז די עקז. זאָל פאָרט זעהן געפינען אַ מיטעל צו געבען אַ מעגליכקייט אַז די ברענטשעס פון קענעדא זאָלען קענען מאַכען זייערע צאָהלונגען צום אָפיס אין קענעדער אנשטאַט אַמעריקאַנער געלד. ער זאָגט, אַז אונטער די יעצטיגע אומשטענדען איז דאָס אַ פראַגע פון דער עקזיסטענץ פון די ברענטשעס אין קענעדע. דער טשערמאַן, פר. ישורון, ערקלערט איהם, אַז אין בעצוג דעם פּלאַן וואו די קאָנווענשאָן זאָל אָפּגעהאַלטען ווערען, וועט די עקז. קענען האַנדלען ערשט דאַן ווען דער קאָנווענשאָן רעפערענדום וועט געשלאָסען ווערען. וואָס איז שייך די צאָהלונגען פון די קענעדער ברענטשעס, האָט די אָפיס קאָם. אַ באַשלוס וועגען דעם, און די עקז. וועט האַנדלען נאָך דעם רעפּאָרט פון דער אָפיס קאָמיטע.

פון דער אַ. ר. קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי. — ערקלערען, אַז זיי האַלטען אין אָפּקויפען אַ גרויסע בעקעריי אין בראָנקס, און זיי וועלען אין גיכען רופען אַ קאָנפערענץ פון די אַ. ר. ברענטשעס אין ניו־יאָרק וועגען דער אונטערנעמונג. זיי בעטען, אַז די עקז. זאָל אַרויסשיקען אַ צושריפט צו די ניו־יאָרקער ברענטשעס, און אינדאָרסירען די קאָנפערענץ. עס ווערט באַשלאָסען צו אינדאָרסירען די קאָנפערענץ דורך דער פּרעסע.

## ב אַ ר י כ ט ע ן.

פר. א. ש. זאַקס באַריכטעט, אַז ער איז געוועזען פאַרטראָטען ביי בר. 198, האָבאָקען, ביי זייער 12טען יערליכען יובילעאום, און זיי באַגריסט אין נאָמען פון דער נאַצ. עקז. די מיטגלידער האָבען פאַרבראַכט אַן אָוועגד אויף אַ זעהר פריינדליכען אופן. ס'איז אויפ'ן פּלאַץ געשאַפען געוואָרען עטליכע הונדערט דאָלער פאַר דעם רעליעף פאָנד. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. ל. דינערשטיין באַריכטעט, אַז ער איז געוועזען פאַרטראָטען ביי בר. 446 ראָזעל נ. דזש. ביי דער אונטערנעהמונג וואָס זיי האָבען אַראַנזשירט אום צו שאַפען אַ פאָנד פאַר'ן לייבאָר לייסעאום. ער האָט זיי אַדרעסירט און באַגריסט אין נאָמען פון דער נאַצ. עקזעק. קאָם. אויך גענ. יעגער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי איז געווען ביים מיטינג. עס צייגט זיך אַרויס אַז די גרעסטע טייל פון די אַ. ר. מיטגלידער זיינען מיטגלידער פון דער פּאַרטיי, און יעדע וויכטיגע אונטערנעהמונג ביי זיי אין שטאָט ווערט דורכגעפירט מיט דער הילף און אָפטמאָל דורך דער איניציאַטיווע פון אַ. ר. מעמבערס. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. י. ישורון באַריכטעט, אַז ער איז איינגעלאַדען געוואָרען צו דעם מיטינג פון דער „האָום אָפיס קאָמיטע", וואו ס'איז פאַרהאַנדעלט געוואָרען די פראַגע וואָסער אַ הויז ס'וואָלט געווען מעהר פּאַסענד צו שאַפען פאַר'ן אַ. ר., צי בלויז אַ „האָום אָפיס" אָדער אַ 5־6 שטאָקיגע געביידע וואָס זאָל ענטהאַלטען מיטינג לאָקאַלס, און אַ גרויסע האָל פאַר מאַסמיטינגען און אונטערנעהמונגען. ס'זיינען דאָרטאָלס אויך אַנוועזענד געוועזען פר. שאַפּירא פון בר. 2 און פר. פריינק פון בר. 99 וועלכע זיינען אַליין בילדינג קאָנטראַקטאָרס. ס'איז דאַמאָלס ניט אָנגענומען געוואָרען קיין באַשטימטעס, און ס'איז באַשלאָסען געוואָרען די זאַך גענוי צו אונטערזוכען און זעהן וואָסער פּלאַן ס'וועט זיין מעהר פּאַסענד פאַר'ן אַ. ר.

ער איז אויך אין פאַרלויף פון מאָנאַט געוועזען אַנוועזענד ביים מיטינג פון דער ליגעל קאָם. און ביים ספּעציעלען מיטינג פון דער סאַניטאַריום קאָם. וואו עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען אָנשטעלען אַ נייעם מעדיקאַל דירעקטאָר און סופּעראינטענדענט אין סאַניטאַריום. פר. ישורון ערקלערט אַז ס'איז די לעצטע וואָך אָפּגעהאַלטען געוואָרען אַ מיטינג פון די טשערלייטע פון די דעפּאַרטמענט קאָמיטעס וועגען שיקען אַ פאַרטרעטער צו די קעפּמייקער יוניאָן, צו דער ערעפענונג פון זייער הויז. אַלס פאַרטרעטער זיינען ערוועהלט געוואָרען פריינדע דזשאַקאָבי און העסקעל. דער מיטינג פון די טשערלייטע האָט אויך פאַרהאַנדעלט די פראַגע וועגען שיקען אַ פראַטערנאַל דעלעגאַט צו דער קאָנווענשאָן פון דער איד. סאָצ. פעדעראַציע, וועלכע איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען דעם 3טען, 4טען און 5טען יולי. פר. באַסקין איז ערוועהלט געוואָרען צו זיין דאָרט פאַרטראָטען. דעם טשערמאַן'ס רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

פר. באַסקין באַריכטעט אַז ער איז געוועזען פאַרטראָטען ביי דער קאָנווענשאָן פון דער איד. סאָצ. פעדעראַציע. די קאָנווענשאָן איז געוועזען זעהר אַ לעבעדיגע און אַלע פראַגען וועלכע זיינען געשטאַנען אויפ'ן טאָגעס אָרדנונג האָבען אַרויסגערופען אַן ערנסטען אינטערעס ביי די דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאָן. פר. באַסקין זאָגט, אַז אין מאַנכע מאָמענטען האָט ער ביי דער קאָנווענשאָן געדענקט, אַז דאָס איז נאָר אַ קאָנווענשאָן פון אַ. ר., ווייל די גרעסטע טייל זיינען געוועזען מער און אַלטע מיטגליעדער פון אַ. ר. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

## באַריכ פון דער ליגעל קאָמיטע.

פר. ראָזענבלאַט, טשערמאַן פון דער קאָמיטע באַריכטעט, אַז די ליגעל קאָם. האָט געהאַט אַ מיטינג, און זיך דורכגערעדט ווי ווייטער אָנצופירען די לעגאַליטעט טהעטיגקייט, און זעהן, אַז דער אַ. ר. זאָל אין דער צוקונפט זיין געטשאַרטערט אין יעדען שטאַט, וואו מיר האָבען זאַגאַר איין בר. אָדער וואו מיר האָבען אַם ווענינגסטענס עטליכע מעמבערס עט לאַרדזש. אַפּליקיישאָנס זיינען שוין געמאַכט געוואָרען פאַר דיזע איבריגע סטייטס. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

## סעקרעטער'ס רעפּאָרט.

פר. באַסקין, דזשענעראַל סעקר. פון אַ. ר. באַריכטעט אַז די אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט צווישען די ברענטשעס איז יעצט צוליעב די זומער מאָנאַטען אַביסעל אָפּגעשוואַכט, אָבער אַזוי שנעל ווי די נייע

סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס וועלען ערוועהלט ווערען, וועט זיך די אמת'ע אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט אָנגעפאַנגען. די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציאָנס קאָמ. מאַכט אויך די נויטיגע פאָרבערייטונגען פאַר דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין, וועלכער זאָל זיך אָנהויבען אַרום יענער צייט.

ער ערקלערט אויך, אַז מיט עטליכע מאָנאַטען צוריק ווען ס'איז געווען אַ דוחק אין פּאַפּיר, האָט מען געקויפט פּאַפּיר פאַר'ן „פריינד", אָפּגעמאַכט צו צאָהלען דעם פּרייז לויט ווי דער מאַרקעט איז דאַמאָלס געשטאַנען, ווען אָבער מיר האָבען געדאַרפט אונטערשרייבען דעם קאָנטראַקט פאַר'ן פּאַפּיער, איז דער פּרייז געפאַלען. דער אָפיס האָט דאַן געהאַט אַ סכסוך וועגען דעם פּרייז, און געפאָדערט, אַז מען זאָל רעכנען פאַר'ן פּאַפּיער לויט דעם יעצטיגען פּרייז. דער רעזולטאַט איז געווען אַז מיר האָבען פון דעם ביל פאַר'ן פּאַפּיער אַרונטערגענומען אַרום 400 דאָלער.

פר. באַסקין גיט איבער איינצעלהייטען פון אַ טאַבעלע וואָס איז לעצטענס אויסגעאַרבייט געוואָרען וועגען די בענעפיט וואָס מיטגלידער האָבען געצויגען לויט זייערע בעשעפטיגונגען.

ער שטעלט זיך אויך אָפּ אויף דעם צושטאַנד פון די פאַרשיעדענע פאָנדס און זיין רעפּאָרט ווערט דאַן גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. גריוועגס קאָמיטע.

פר. העסקעל, טשערמאַן פון דער קאָמ., באַריכטעט, אַז אַ מיטגליעד פון אַ ניו-יאָרקער בר. האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון בר. צו בעשטראָפען איהם מיט 10 דאָל. פאַר שלאָגען דעם טשערמאַן ביים מיטינג. דער בר. האָט באַשלאָסען אַז די 10 דאָל. זאָל געהן פאַר די מלחמה ליידענדע. ביי דער הירינג פון דעם אַפּיעל האָט דער אַפּעלאַנט צוגעגעבען אַז ער האָט דעם טשערמאַן געשלאָגען, און די גריוועגס קאָמ. האָט באַשטימט גוטצוהייסען די האַנדלונג פון בר.

אַ מיטגליד פון בר. 130 האָט אַפּעלירט געגען אַ צווייטען בר. פאַר צוריקווייזען זיין קלאַגע געגען זייערען אַ מעמבער, וועלכער האָט אָפּגעקויפט דאָס הויז וואו ער האָט געהאַט אַ סטאָר. יענער האָט איהם געמאַכט צו מופען פון סטאָר, וועלכע ער האָט צוגענומען פאַר זיך אַליין און געעפענט אַן אַנדער סאָרט ביזנעס ווי די וואָס דער אַפּעלאַנט האָט געהאַט. די גריוועגס קאָמיטע האָט בעשלאָסען ניט אויפצונעהמען דעם אַפּיעל. עס איז באַשלאָסען געוואָרען איהם צו ענטפערן, אַז מיר קענען זיך אין אַזעלכע פּריוואַטע ביזנעס אַנגעלעגענהייטען ניט אַריינמישען.

בר. 207, אַטלאַנטאַ, האָט אַפּעלירט געגען אַ בר. אין טעקסעס וועגען פאָלגענדעס: אַ מיטגליעד פון דעם בר. אין טעקסעס איז געווען אַרעסטירט אין אַטלאַנטאַ צוליעב אַ פּאָליטישען פּראָצעס, און אַלס ניט קיין בירגער, איז ער געשטאַנען אין געפאַר אַרויסגעשיקט צו ווערען פון לאַנד, ווען זיין טערמין, צו וועלכען ער איז פאַר'משפּט געוואָרען, וועט זיך ענדיגען. דער באַטרעפענדער בר. האָט זיך געווענדעט צו בר. 207, אַטלאַנטאַ, אַז זיי זאָלען זיך זעהן מיט דעם פריינד, און טאָן פאַר איהם אַלעס וואָס זיי קענען. בר. 207 האָט אַראַנזשירט אַ לאָיער מיט וועמעס הילף ער איז באַפרייט געוואָרען. דער לאָיער האָט זיי געקאָסט 25 דאָלער. ווי בר. 207 האָט ערקלערט האָט זיך יענער ברענטש ענטזאַגט אויסצוצאָהלען די אויסגאַבען פון דעם לאָיער. אויף אונזער אָנפראַגע האָט דער בעטרעפענדער בר. געענטפערט, אַז זיי זיינען ווילּיג צו באַצאָהלען די סומע פון 25 דאָלאַר, זיי האָבען אָבער ניט אויסגעצאָהלט דאָס געלד, ווייל בר. 207 האָט פון זיי פריהער געפאָדערט אַ גרעסערע סומע פאַר נאָך אַנדערע אויסגאַבען. די גריוועגס קאָמיטע האָט באַשלאָסען גוטצוהייסען דעם אַפּיעל פון בר. 207, און בעאויפטראַגט דעם באַטרעפענדען בר. אויסצוצאָהלען די 25 דאָל.

אַ מיטגליד פון בר. 395 האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון בר. צו באַשטראָפען איהם מיט 99 דאָלער. דער בר. האָט ערקלערט, אַז זיי האָבען איהם באַשטראָפט ווייל ער פלעגט שטערען די מיטינגען פון בר. די גריוועגס קאָמ. האָט באַשלאָסען צו טרענספּערירען איהם אַלס מעמבער עט לאַרדזש און אַרונטערנעהמען פון איהם די שטראָף, ווייל אויף אַזאַ אופן וועט ער באַזייטיגט ווערען פון בר., און עס וועלען דערמיט אויסגעמידען ווערען ווייטערדיגע רייבונגען.

אַ מיטגליד פון בר. 450 דענווער, קאָל., האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון בר. צו באַשטראָפען איהם מיט 25 דאָלער. ווי ער האָט ערקלערט, האָט איהם דער בר. באַשטראָפט דערפאַר וואָס ער האָט געשריבען אַ פּערזענליכען בריעף אין אָפיס צו מאַכען דעם בר. אויפמערקזאַם אַז זיי זאָלען זיין מעהר פאָרזיכטיג ביים אַריינגעהמען נייע מיטגלידער, אום עס זאָלען זיך ניט אַריינכאַפּען קראַנקע מענשען אין אַ. ר. דער בר. האָט געענטפערט, אַז זיי האָבען איהם באַשראָפט ווייל ער האָט ניט געהאַט קיין אורזאַכע צו שרייבען אַזאַ בריעף אין אָפיס. די גריוועגס קאָמ. האָט באַשלאָסען אַרונטערצונעהמען פון איהם די שטראָף, ווייל אויב די האַנדלונג פון בר. זאָל גוטגעהייסען ווערען, וואָלט דאָס געמאַכט אַז ברענטשעס קענען אינדירעקט פאַרווערען זייערע מיטגלידער צו מאַכען דעם דזשענעראַל אָפיס אויפמערקזאַם אויף דער אָדער יענער פראַגע.

צוויי מיטגלידער פון בר. 106 זיינען געבליבען מעמבערס עט לאַרדזש לויט דעם אַלטען באַשלוס פון דער פריהערדיגער עקזעקוטיוו קאָמיטע, אין פאַרבינדונג מיט דער פראַגע וועגען דער 2-לום סיסטעם. יעצט האָט דער בר. זיך געווענדעט, אַז מען זאָל זיי צוריק טרענספּערירען אַלס מיטגלידער צו זייער בר. די נאַצ. גריוועגס קאָמ. האָט באַשלאָסען, אַז די באַטרעפענדע וועלען טרענספּערירט ווערען אַלס מעמבערס פון בר. 106, בלויז דאַן ווען זיי וועלען נאָכקומען די ענטשיידונג פון דער פריהערדיגער עקז. קאָמ. און צושטעלען אַ שריפטליכע פאַרפליכטונג אַז זיי וועלען אין דער צוקונפט ניט אַרבייטען מעהר ווי אויף 2 לומס. רעפּאָרט פון דער גריוועגס קאָמ. ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע.

פר. וואָלבערג, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז דער קאָנצערט וואָס איז געגעבען געוואָרען אין סאַניטאַריום דעם 20טען יוני, איז געווען אַ גרויסער מאָראַלישער ערפאָלג. ביים קאָנצערט האָבען זיך באַטייליגט יאָסעלע ראָזענבלאַט, לעאָן בלאַנק, שאָו שפּיעלער, גראָלל, ב. קאָוונער, הלל ראָגאָף—פעסט-רעדנער. ביים קאָנצערט זיינען געווען אַרום 5 טויזענד בעזוכער. יאָסעלע ראָזענבלאַט האָט געזונגען חזנ'ישע און קלאַסישע זאַכען, דורך וועלכע ער האָט זיך באַרימט געמאַכט. די באַגייסטערונג פון עולם איז געווען אונבאַשרייבליך. די סאַניטאַריום קאָמ. האָט באַשלאָסען אויסצודריקען אַ דאַנק צו אַלע אויבענדערמאָנטע פּערזאָנען, וועלכע האָבען זיך אין דעם קאָנצערט באַטייליגט אונענטגעלטליך.

די פאָרטרעטער פון דעם ניו-יאָרק אָפיס פון לאָס אַנדזשעלעס סאַניטאַריום האָבען געבעטען צו ערלויבען זיי אַראַנזשירען אויף די גראָונדס פון אונזער סאַניטאַריום אַ קאָנצערט פאַר דעם פאָנד פון זייער סאַניטאַריום. עס איז באַשלאָסען געוואָרען זייער פאַרלאַנג צוריקצואווייזען, ווייל לעצטען יאָהר, ווען אַזאַ קאָנצערט איז יאָ אַראַנזשירט געוואָרען, זיינען טויזענדער באַזוכער ביי יענעם קאָנצערט געבליבען אונטער דעם איינדרוק, אַז דאָס איז אַראַנזשירט פאַר דעם פּראָפיט פון אונזער אייגענעם סאַניטאַריום.

דער אויטאָמאָביל פון סאַניטאַריום איז לעצטענס פאַרריכט געוואָרען, און דער אייגענטימער פון גאַראַזש וואו דער אויטאָמאָביל איז געפיקסט געוואָרען האָט צוגעשיקט אַ ביל אויף 532.32 דאָל. איידער מען האָט די מאַשין געגעבען צו פאַרריכטען, האָבען זיי ערקלערט אַז עס וועט דאַרפען קאָסטען אַרום 300 דאָל. דער צוגעשטעלטער אויטעמייזד ביל איז איבערגעגעבען געוואָרען צו אַן עקספּערט, וועלכער איז מיט דער מיינונג, אַז אַרום 25 פּראָצענט איבעריגע זיינען גערעכענט געוואָרען. אַ בריף איז וועגען דעם געשריבען געוואָרען דעם אייגענטימער פון גאַראַזש, אַז ער זאָל נאָכאַמאָל דורכקוקען דעם ביל, און זעהן אַרונטערנעהמען די 25 פּראָצענט.

די קעכין פון סאַניטאַריום איז. אַוועקגעגאַנגען, און עס איז געווען שווער צו קריגען אַ צווייטע אויף איהר פּלאַץ.

פר. שאַפּירא, בילדינג קאָנטראַקטאָר, האָט צוגעשטעלט אַ פּלאַן ווי צו מאַכען שאָוערס, וואַנעס, לאַקערס א. ד. ג. אין האָספּיטאַל פאַר די פּרויען פּאַציענטען. צוליעב דעם וואָס עס זיינען ניטאָ גענוג לאַקערס און אַנדערע בעקוועמליכקייטען, קענען יעצט ניט אַריינגענומען ווערען מעהר ווי 10-11 פרויען פּאַציענטען. דער פּלאַן איז איבערגעגעבען געוואָרען צו דר. פיש, און עס איז מעגליך, אַז די אַרבייט זאָל געמאַכט ווערען דורך די אייגענע אָנגעשטעלטע אין סאַניטאַריום, און וועט אויף אַזאַ אופן איינשפּאָרען עטליכע הונדערט דאָלער.

אויף דעם פאַרלאַנג פון די פּאַציענטען זיינען געקויפט געוואָרען ביכער פאַר דער סאַניט. ביבליאָטעק, אויף דער סומע פון אַרום 120 דאָלער. גאָלדמאַן, דער אַסיסטענט בוק-קיפּער פון אָפיס, איז אַרויסגעשיקט געוואָרען אין סאַניט. דורכצוקוקען די ביכער און אויף נעהמען אינווענטאָרי.

פר. וואָלבערג ערקלערט, אַז די קאָמיטע האָט אויף זיך די פּראָבלעם צו שאַפען אַ מעדיקאַל דירעקטאָר און סופּעראינטענדענט אויפ'ן פּלאַץ פון דר. פיש, וועלכער האָט רעזיגנירט. די סאַניט. קאָמ. האָט מיט דער צושטימונג פון דר. האַלפּערן און מעדיקאַל עדוויזערי באָארד באַשלאָסען אָנצושטעלען דר. אַנטאָנאָווסקי, וועלכער איז מיט עטליכע יאָהרען צוריק געווען ציטווייליגער דאָקטאָר אין סאַניטאַריום. דר. אַנטאָנאָווסקי האָט פאַר די לעצטע עטליכע יאָהר פּראַקטיצירט מעדיצין אין ליבערטי, און איז בכלל געשטאַנען נאָהענט צום אַ. ר. סאַניטאַריום. די סאַניט. קאָמ. האָפט, אַז אונטער דר. אַנטאָנאָווסקי'ס אַדמיניסטראַציע וועט דער סאַניט. געפירט ווערען אין דעם זעלבען גייסט און מיט דער זעלבער פריינדליכקייט ווי אין דער צייט פון דר. פיש.

פר. וואָלבערג ערקלערט, אַז ער פאָרט אין איירופּאַ אויף 2 מאָנאַטען אַלס שליח פאַר דער אַסטראָווער רעליעף און ער בעט צו ענטשולדיגען זיין אַבוועזענהייט אין משך פון דער צייט. עס ווערט באַשלאָסען צו באַוויליגען פר. וואָלבערג'ס פאַרלאַנג און דער רעפּאָרט פון דער סאַניט. קאָמ. ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע

פר. בערנשטיין, וויס-טשערמאַן פון דער קאָמ., באַריכטעט, אַז די קאָמ. האָט ערוועהלט פּערמאַנענטע בעאַמטע. פר. פיינערמאַן איז ערוועהלט געוואָרען אַלס טשערמאַן, און פר. בערנשטיין אַלס וויס-טשערמאַן.

ער ערקלערט, אַז אין אַ גאַנצע רייהע שטעט האַלטען זיך אין עפענען נייע שולען. פון איבעראַל קומען פאַרלאַנגען פאַר לערער און פאַר שטיצע. די פּראָבלעם צו קריגען גענוג און פּאַסענדע לע-

ער איז ניט קיין לייכטע. עס איז בעשלאָסען געוואָרען צו אַרוועק־יזען אין דער אַרבייטער פּרעסע פאַר אַפּליקאַנטען און אַ ספּעציעלע יסט מיט פראַגען איז אויסגעאַרבייט געוואָרען וועלכע אַפּליקאַנטען עלען דאַרפען אויספילען.

די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האַלט זיך צוריק פון באַשטימען שטוי־ע פאַר די פאַרשידענע סיטי און דיסטריקט עדיוקיישאָנאַל קאָמיטעס, וידער זי וועט אַליין אויסאַרבייטען אַ גענויען בודזשעט, אום צו יסען גענוי וויפיעל עס קענען באַשטימט ווערען פאַר יעדע סיטי דיוקיישאָנאַל קאָם. און פאַר יעדען פון די עקזיסטירענדע אַ. ר. ולען.

עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו נעהמען עסטימייטס פאַר שול־בשירים, ווי העפטען, בליישטיפטען, פלעק פאַפּיער, מעקערס א. ד. ג. ויף אַלע זאָל זיין דער עמבלעם פון אַ. ר., און די העפטען זאָלען זיין וגעפּאַסט צו די נויטען פון די שולען.

פאַרשיעדענע ביבליאָטעקען ווענדען זיך צו געבען זיי אַלע בי־ער פון די אַ. ר. אויסגאַבען, אַזוי ווי מיר רעכענען פאַר די ביכער מעט ווי קאָסט פּרייז, און ווען מיר זאָלען געבען פריי די ביכער ו אַלע ביבליאָטעקען וועלכע פאַרלאַנגען דאָס, וואָלט דער ביכער־אַנד יעצט געבליבען מיט אַ דעפיציט. איז דאַרום באַשלאָסען גע־וואָרען, אַז ווען אַ ביבליאָטעק וועט זיך ווענדען מיט אַזאַ פאַרלאַנג, אַל מען פאַר זיי באַוויליגען 5 דאָל. און די סומע אַרונטעררעכענען ון די ביכער וואָס זיי וועלען קויפען.

ס איז באַשלאָסען געוואָרען צו עפענען אַ צווייטע שול דאָון אין דער 7טער סטריט, צווישען עוועניו „איי“ און עוו. „בי“. ל איז אין אַ פּאַסענדען געגענד, און דירה־געלד קאָסט 100 דאָלער נאַט. עס איז באַוויליגט געוואָרען 200 דאָל. איינצואָרדנען די לאַס צימערען.

נאָכדעם ווי ס'ווערען געשטעלט אייניגע פראַגען, ווערט דער רע־אָרט פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע גוטגעהייסען.

עס ווערט באַשלאָסען צו האָבען אַ פאָרטזעצונג פון דעם מיטינג נכסטען מיטוואָך אָוועגד.

---

אַ פאָרטזעצונג פון דעם מיטינג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו אָם. ווערט אָפּגעהאַלטען מיטוואָך אָוועגד דעם 14טען יולי, מיט פר. טורון אַלס טשערמאַן.

---

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע.

פר. יודיטש, טשערמאַן פון דער קאָם., באַריכטעט אַז די ניו־יאָרק יטי אָרגאַניז. קאָם. האָט זיך באַקלאָגט, אַז די סיטי עדיוקייש. קאָם. אָט ניט אַטענדעט צו שיקען קרעפטע צו מאַכען ברענטשעס. אום יוסצוגלייכען די מיספערשטענדניסע וועלכע קומען די לעצטע צייט ר צווישען די סיטי אָרגאַניזאַציאָנס און סיטי עדיוקייש. קאָמיטעס ן ניו־יאָרק, האָט די נאַצ. אָרגאַניז. קאָם. אַרויסגערופען סאָב קאָ־מיטעס פון דיזע צוויי קאָמיטעס, כדי זיך דורכצורעדען ווי צו פאַר־מיידען וויטערדיגע רייבונגען. צו די קאָנפערענץ וועט בדיינגען וואָלטאַטען. וועט די נאָהענטע צוקונפט איבערצייגען.

אין אָפיס האָבען געהאַלטען אין איין אַריינקומען פאַרלאַנגען ער פּרימיומס פון לעצטען מעמבערשיפּ קאַמפּיין. עס איז באַשלאָ־ן געוואָרען, אַז אַלע וואָס האָבען פאַרגעשלאָגען נייע מיטגליעדער ין ערשטען מאַי 1920 קענען מאַכען אַפּליקיישאָנס פאַר פּרימיומס דעם 1טען יולי, 1920.

אַ ליסט פון די סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס איז אויסגעאַר־יט געוואָרען. מיר וועלען יעצט האָבען 34 אָדער 35 אַזעלכע קאָ־מיטעס. בלויז אין מאַנכע פון דיזע קאָמיטעס זיינען געמאַכט גע־וואָרען ענדערונגען, אין בעצוג די שטעט וואָס דאַרפען צו זיי באַ־לאַנגען. אויך ווערט געפּלאַנעוועט צו האָבען אַ נייע דיסטריקט קאָ־מיטע אין אַטלאַנטאַ, דזשאָרדזשיאַ, וועלכע זאָל באַשטעהן פון ברענטשעס אין טשאַטאַנוגאַ, מעמפיס, אַטלאַנטאַ, מייקאָן און סאַ־וואַנאַה. אויך זעהן, אויב עס איז מעגליך גרינדען אַ דיסטריקט קאָ־מיטע פון די ברענטשעס אין די קעטסקיל בערג.

די קאָנפערענצען צו ערוועהלען נייע דיסטריקט קאָמיטעס וועלען זיך אָנפאַנגען אין מאָנאַט אויגוסט.

די פראַגע וועגען די פּלענער פאַר'ן קומענדען מעמבערשיפּ קאַמ־פּיין איז ביי דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע דעבאַטירט געוואָרען, און איז אָנגעדייטעט געוואָרען פאָלגענדעס:

1) אַז אין די גרעסערע שטעט זאָל דער קאַמפּיין ערעפענט ווער־ן דורך גרויסע אונטערנעהמונגען.

2) אַז אין דעם מאָנאַט ווען דער קאַמפּיין וועט זיך אָנפאַנגען, זאָל מען זעהן, אַז אין „פאָרווערטס“ זאָלען געדרוקט ווערען אַ רייהע אינפאָרמאַציאָנס אַרטיקלען וועגען אַרבייטער רינג.

3) צו געבען אַ געוויסע פּרעמיום אין צייט פון קאַמפּיין (עס ם נאָכהער באַשטימט ווערען פון וואָס דער פּרעמיום זאָל באַשטעהן).

4) צו פאַרלאַנגען פון די יוניאָנס וועלכע האָבען אייגענע אָר־גאַנען, אַז די לעצטע זאָלען אָפּגעבען פּלאַץ פאַר'ן אַרבייטער רינג ן דער צייט פון קאַמפּיין.

5) אַרויסצושיקען סיסטעמאַטישע צירקולאַר בריעף צו די ברענ־טשעס וועגען דער קאַמפּיין אַרבייט.

6) צו האָבען אַרטיקלען וועגען אַרבייטער רינג אין די אידיי־שע אַרבייטער צייטונגען אין אויסלאַנד, כדי צו באַקענען די צוקונפ־טיגע אימיגראַנטען מיט דעם אַרבייטער רינג.

אין ניו־יאָרק וועט דעם 3טען יולי אינסטאַלירט ווערען אַ נייער ברענטש.

אין ניו־יאָרק זיינען לעצטענס אינסטאַלירט געוואָרען אַ ברענטש פון פּיאַסקער לאַנדסלייט, דער לינקאָלן ברענטש (ענגליש שפּרעכענדער בר.) אין בראָנזוויל. אויך וועט אין קורצען אינסטאַלירט ווערען נאָך אַן ענגליש־שפּרעכענדער בר. אין וויליאַמסבורג.

עס איז דעבאַטירט געוואָרען די פראַגע וועגען גרינדען ענגליש־שפּרעכענדע ברענטשעס אין ניו־יאָרק. ס'איז באַשטימט געוואָרען צו רופען אַ ספּעשעל מיטינג פון בר. 400 און בר. 55„ וועלכע זיי־נען ענגליש־שפּרעכענדע און זיי באַוועגען אויפצונעהמען דיזע אַר־בייט אין ניו־יאָרק.

אין באַפאַלאָ זיינען פאַראייניגט געוואָרען פאָלגענדע 3 ברענ־טשעס אין 1 ברענטש: בר. 413, 435 און 533. עס איז זיי געגעבען געוואָרען אַ טשאַרטער אַלס בר. 192.

די סין סיטי דיסטריקט קאָמיטע האָט באַריכטעט, אַז זי האָט געהאַט איהר קאָנפערענץ וואו עס זיינען געווען פאָרטראָטען 5 ברענ־טשעס. זיי האָבען אויסגעאַרבייט פּלענער ווי אָנצופירען אין דער צוקונפט די אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט. זיי האָבען ערוועהלט אַגיטאַ־טאָרס און אָרגאַניזערס צו באַזוכען די ברענטשעס פון דיסטריקט.

אייניגע שפּאַנישע אידען, וועלכע זיינען מיטגלידער פון אַ. ר. האָבען זיך געווענדעט אַז מען זאָל זיי העלפען אין דער אַרבייט צו אָרגאַניזירען אַ. ר. ברענטשעס פון שפּאַנישע אידען אין ניו־יאָרק. זיי האָבען פערלאַנגט אַז מען זאָל אָנשטעלען איינעם פון זיי אַלס אָרגאַניזער, ערקלערענדיג, אַז אין ניו־יאָרק געפינען זיך אַרום 40 טויזענד שפּאַנישע אידען, און אַ סך זיינען אַ פּאַסענדער עלעמענט פאַר'ן אַ. ר. עס איז באַשלאָסען געוואָרען זיי צו ענטפערען, אַז מיר קענען קיין אָרגאַניזערס ניט אָנשטעלען, מיר וועלען אָבער מיט זיי קאָאָפּערירען און העלפען זיי אויף יעדער אופן אין דער אָר־גאַניזאַציאָנס אַרבייט.

פר. יודיטש דייטעט אָן, אַז דער אָרגאַניזאַציאָנס פאָנד וועט וואַר־שיינליך ניט זיין גענוגענד פאַר דער אַרבייט וואָס דאַרף געטאָן ווע־רען אין פאַרלויף פון דעם יאָהר. די פּלענער וועלכע זיינען אָנגע־דייטעט געוואָרען פאָדערען היבשע סומען. אויסער דעם האָט די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָם. באַשלאָסען אין פּרינציפּ צו באַשטימען אַ פּרימיום אין דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין, וועלכע וועט אויך אַריינ־ציהען אין הוצאות פון אַרום 2 טויזענד דאָל.

ער (יודיטש) איז געווען פאָרטראָטען אין איסטאָן, פּאַ., צו זעהן אויפלעבען דעם ברענטש. די הויפּט צרה איז דאָרט וואָס זיי האָבען ניט קיין טוער וועלכע זאָלען זיך אָפּגעבען מיט דער טהעטיג־קייט פון ברענטש, כמעט אַלע מיטגלידער זיינען קליינע ביזנעס לייט, וועלכע זיינען שטענדיג פאַרנומען, און האָבען קיין צייט ניט זיך אָפּצוגעבען מיט בר. אַרבייט, און זאָגאַר די מיטינגען ווערען דאָרט שוואַך באַזוכט. איהם איז געלונגען צו האָבען אַ גוט באַזוכטען מי־טינג. דער פריהערדיגער סעקרעטער האָט איינגעוויליגט וויעדער צו האַלטען דעם אַמט, און ס'איז צו ערוואַרטען אַז דער בר. וועט יעצט אָנגעהן בעסער ווי פריהער מיט זייער אַרבייט.

רעפּאָרט פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָם. ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער אָפיס קאָמיטע.

פר. אייבראַמס, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט אַז דער אודיטאָר האָט אונטערזוכט די ביכער פון אַ. ר. און צוגעשטעלט אַ רעפּאָרט וועלכער איז צוזאַמענגעשטעלט אין אַ מעהר איינפאַכער און קלאָרערער פאָרמע ווי די פריהערדיגע רעפּאָרטס פלעגען צוגעשטעלט ווערען. דער אודיטאָר האָט דערביי געשריבען אַ בריעף, אַז אונזע־רע ביכער ווערען געהאַלטען אין זעהר אַ גוטער אָרדנונג.

בר. 395 פון ראָק איילענד, איל., האָט פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל זיי ערלויבען צו בלייבען שולדיג דעם אָפיס די דיוס פאַר צוויי קוואַרטאַלען, ווייל צוליעב זייער אָרטיגער לייבאָר לייסעאום זיינען זיי פאַראייניגט אין געלד. עס איז באַשלאָסען געוואָרען זיי צו ענטפערן מיר קענען זייער פאַרלאַנג ניט באַוויליגען, ווייל אויף וויפיעל די אידעע פון לייבאָר לייסעאום איז אונז סימפּאַטיש, קענען מיר אָבער לײדער ניט באַוויליגען אויסצושטעהן געלדער פון אונזערע פאָנדס פאַר לייבאָר לייסעאומס.

אין מעמבערשיפּ דעפּאַרטמענט פלעגען אָנקומען פיעלע אַפּליקיי־שאָנס וואָס זיינען ניט ריכטיג געווען אויסגעפילט. דער אָפיס האָט אויסגעאַרבייט רולס פאַר סעקרעטערע ווי אויסצופילען אַפּליקיישאָנס פאַר נייע מיטגלידער. דיזע רולס זיינען אָפּגעדרוקט און פאַנאַנדער־געשיקט געוואָרען צו די ברענטשעס.

אין סטאָק איז געווען אַרום 160-170 אַלטע לעדזשערס פאַר ברענטשעס וועלכע די ברענטשעס נוצען מעהר ניט. עס איז בעשלאָ־סען געוואָרען דיזע לעדזשערס צו פאַרקויפען (אויף פּאַפּיער און פאַר'ן בונד פון יעדען בוך), מען וועט זיי וואַרשיינליך פאַרקויפען צו 60 סענט אַ שטיק.

באָנדס זיינען געקויפט געוואָרען אין פאַרלויף פון לעצטען מאָ־נאַט אויף דער סומע פון 60 טויזענד דאָלאַר. פאַר 40 טויזענד דאָ־לאַר באָנדס איז געצאָהלט געוואָרען צו 1,4 85.46, פאַר 20 טויזענד

דאָלאַר באַנדס האָט מען געצאָהלט 86.06.

אין דער טאַבעלע פון אודיטינג דעפּאַרטמענט (אין מאַי נומער „פריינד") זיינען אַרויסגעקומען אַ מאַסע גרייזען. עס איז באַשלאָסען געוואָרען נאָכאַמאָל איבערצודרוקען דיזע טאַבעלע אין איינע פון די קומענדע נומערען „פריינד", כדי צו האָבען אַ פּינקטליכען רעקאָרד פון דער אַרבייט פון אודיטינג דעפּאַרטמענט.

שוין עטליכע יאָהר ווי ביי אונז געפינט זיך אַ סומע פון 585 דאָלער פאַר רוסישע אַנאַרכיסטען (פון רוסישען רעוואָלוציאָנערען פאָנד). עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו רעקאָמענדירען צו דער נאַצ. עקזעקוטיוו אַז די סומע זאָל טרענספערירט ווערען צום רעזערוו פאָנד.

די באָנדס פאַר די ברענטש בעאַמטע זיינען מערסטענס צו 250 דאָלער פאַר יעדען בעאַמטען. עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו העכערען די באָנדס אויף 500 פאַר יעדען בעאַמטען, ווייל עס האָט זיך אַרויסגעצייגט אין פעלע וואו סעקרעטערע פאַרנעהמען בר. געלדער, האָט די סומע בעטראָפען אַ סך מעהר ווי 250 דאָלער.

עס איז אויך באַשטימט געוואָרען אַרויסצושיקען אַ בריעף צו די ברענטשעס אַז זיי זאָלען דורכאויס זעהן איינצופיהרען טשעק אַקאונטס, אויב זיי האָבען נאָך ניט אַזעלכע, אום צו האָבען אַ בעסערען קאָנטראָל איבער ברענטש געלדער.

עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו רעדזשיסטרירען די איבריגע באָנדס אונזערע וועלכע זיינען ניט רעדזשיסטרירט, און אויף אַזאַ אופן צו האָבען אַלע אונזערע באָנדס געזיכערט געגען פייער אָדער גנבה.

נייע אַפּליקיישאָנס פאַר טשאַרטערס זיינען געמאַכט געוואָרען אין אַלע סטייטס וואו מיר האָבען אַם וועניגסטענס 1 ברענטש, אָדער מיטגלידער עט לאַרדזש.

מיר האָבען לעצטענס געקראָגען אַ טשאַרטער אין קענזאַס סטייט.

פר. אַבראַמס ערקלערט, אַז די אָפיס קאָמיטע האָט פאַרהאַנדעלט די פראַגע וועגען דעם צושטאַנד פון די קענעדער ברענטשעס. נאָכדעם ווי די זאַך איז גענוי אונטערזוכט געוואָרען, האָט די אָפיס קאָמיטע באַשלאָסען צו עפענען אַ טשעק אַקאונט אין אַ קענעדער באַנק און איינפירען אַז די קענעדער ברענטשעס זאָלען מאַכען אַלע זייערע צאָהלונגען צום אָפיס אין קענעדער געלד, און אויך וועט דער אָפיס זיי אויסצאָהלען מיט קענעדער געלד, און אַלע טרענסאַקציעס זאָלען געמאַכט ווערען דורך דיזער קענעדער באַנק.

באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. בענעפיט קאָמיטע.

פר. יאַקאָבי, טשערמאַן פון דער קאָמ. באַריכטעט, אַז אַ געוויסער מעמבער פון ברענטש 441, דזשעקסאָנוויל, פלאַ., האָט צוגעשיקט אַ סטייטמענט פון אַ דאָקטאָר, אַז ער איז געוועזן קראַנק. די פראַגע וועגען זיין בענעפיט ציהט זיך שוין אַרום 2 יאָהר צייט. ער האָט אָנפאַנגס ניט צוגעשטעלט זיין דאָקטאָר סטייטמענט. אויסער דעם האָט דער ברענטש דאַמאָלס געשריבען, אַז דער באַטרעפענדער איז טיילווייז נאָכגעקומען זיין באַשעפטיגונג. די בענעפיט איז אויף אַזאַ אופן צוריקגעוויזען געוואָרען. ער האָט נאָכהער אַפּעלירט צו דער נאַצ. גריוועגס קאָמ. און האָט ערקלערט, אַז ער האָט געהאַט אַן עקסידענט און טהיילען פון 3 פינגער האָט מען ביי איהם אַפּגעשניטען. דער באַטרעפענדער האָט אַ ברויט ראוד, און ער האָט געמוזט דינגען אַ צווייטען מענשען אויף זיין פלאַץ מיט וועלכען ער איז מיטגעפאָהרען אויפ'ן וועג צו צייגען איהם ווי דאָס ברויט פאַנאַנדערצוטיילען. עס איז געוועזן דער סענטימענט פון דער גריוועגס קאָמ. אַז דער באַטרעפענדער איז באַרעכטיגט צו די בענעפיט, און זיי האָבען די פראַגע נאָכאַמאָל איבערגעגעבען צו דער בענעפיט קאָמ., און די דאַמאָלסדיגע בענעפיט קאָ. האָט געשריבען אַ בריעף צום באַטרעפענדען, אַז אויב ער וועט צושטעלען אַ סטייטמענט פון אַ דאָקטאָר, וועט די בענעפיט וואַרשיינליך צו איהם אויסגעצאָהלט ווערען. צושטעלענדיג יעצט דעם סטייטמענט, איז באַשלאָסען געוואָרען די בענעפיט אויסצוצאָהלען.

עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו באַשטימען אַנדערע דאָקטוירים אויפ'ן פּלאַץ פון דר. ליאַכאָווסקי, דר. ליכטענשטיין און דר. פיינער. מיט דער צושטימונג און רעקאָמענדיישאָן פון דער מעדיקאַל עדווייזערי באָארד, זיינען פאָלגענדע דאָקטוירים באַשטימט געוואָרען: פאַר בראָנקס — דר. סיעגעל, פאַר האַרלעם — דר. נעלסאָן, פאַר וויליאַמסבורג — דר. קלינקאָפשטיין, פאַר דאון טאון — דר. שנעק, וועמעס אָפיס איז אין איסט 7טע סטריט.

פר. יאַקאָבי ערקלערט, אַז אַז די בענעפיט קאָמ. רעקאָמענדירט צו לאָזען דעם מעדיקאַל דעפּאַרטמענט אין אָפיס, ווי אַזוי דער אָפיס זאָל ניט געפּיקסט ווערען, ווייל זיי נויטיגען זיך אין די רעקאָרדס פון אָפיס.

רעפּאָרט גוטגעהייסען.

פר. י. ישורון באַריכטעט, אַז ער איז געווען פאַרטראָטען ביי דער זיצונג פון דער נאַצ. באָארד אָוו דירעקטאָרען און האָט צו זיי רעפּאָרטעט פון דער אַלגעמיינער טהעטיגקייט פון דער עקזעקוטיוו. זיי האָבען זיין רעפּאָרט אויפמערקזאַם אויסגעהערט. זיי האָבען איהם געשטעלט פיעלע פראַגען, וועלכע ער האָט צו זייער צופרידענהייט געענטפערט.

צוויי דירעקטאָרען האָבען אויך געפרעגט וואָרום דער אַ. ר. האָט זיך ניט באַטייליגט אין דעם לעצטען אידישען קאָנגרעס. ער האָט זיי איבערגעגעבען די מאָטיווען אויף וועלכע עס האָט זיך געשטיצט די נאַצ. עקזעק. און די נאַצ. באָארד אָוו דירעקטאָרען האָט די האַנדלונג גוטגעהייסען.

זיי האָבען אויך פאַרהאַנדעלט די פראַגע פון פר. העללער פון בר. 6 און באַשלאָסען זיך צו רעכענען מיט דעם וואָס איז אויסגעדריקט געוואָרען ביי דער לעצטער קאָנוועגשאָן בנוגע דער קיים. זיי האָבען באַשטימט אַז פר. העללער זאָל טרענספערירט ווערען אַלל מעמבער עט לאַרדזש פאַר 5 יאָהר צייט, און זאָל אויסצאָהלען דעם איבריגען חוב וואָס ער איז שולדיג געבליבען דעם ברענטש.

טשערמאַנ'ס רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

אַלס פאַרטרעטער צום באַנקעט פון א. באַראָף, סעקרעטער־טרעזשורער פון דער לידיעס גאַרמענט וואָירקערס, ערוועהלט פיינדע באַסקין און האַסקעל.

אַלס פאַרטרעטער צו דער אַ. ר. האָום אָפיס קאָמיטע, ערוועהלט פר. דינערשטיין.

אַלס קאָמיטע צו צעהלען די קאָנוועגשאָן רעפערענדום באַלאָטס, ערוועהלט פריינדע קרינסקי און ספּינראד.

פ. גליעבטער, רעקאָרדינג סעקרעטער.

## רעפּאָרט פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע

דער מאָנאַטליכער מיטינג פון דער נאַצ. עקז. קאָמיטע פון אַרב. רינג ווערט אָפּגעהאַלטען מיטוואָך אָבענד, דעם 4טען אויגוסט, מיט פריינד ישורון אַלס טשערמאַן.

## צ ו ש ר י פ ט ע ן.

פון לאָס אַנדזשעלעס דיסט. קאָמ. — ערקלערען, אַז זיי ווילען שאַפען אַן אַ. ר. געבוידע אינ'ם אידישען סאַניטאַריום פון לאָס אַנדזשעלעס, און בעטען, אַז די נאַצ. עקז. זאָל זיי העלפען אין דער אַרבייט. בעשלאָסען זיי צו ענטפערען, אַז אויב זיי ווילען אַרויסשיקען אַן אַפּיעל צו די ברענטשעס אין פאַרבינדונג מיט דער פראַגע, ווילען מיר איהם אינדאָרסירען.

פון אַ. ר. קאָאָפּערטיווע געזעלשאַפט. — לאַדען איין צו שיקען צוויי פאַרטרעטער צו זייער קאָנפערענץ, וואָס וועט אָפּגעהאַלטען ווערען דעם 23טען ד. מ. אין צוזאַמענהאַנג מיט די קאָ־אָפּעראַטיווע בעקעריי וואָס זיי האָבען געקויפט אין די בראָנקס. באַשלאָסען צו ערוועהלען פאַרטרעטער ביים קומענדען מיטינג.

פון נאַטוראַליזיישאַן אייד ליעג. — באַדאַנקען פאַר די 200 דאָלער, באַווילינגט פאַר זיי פון דער לעצטער קאָנוועגשאָן.

פון אַ. ר. האָום אָפיס קאָמיטע — מעלדען, אַז פריינד ס. וואָלאָס איז געשטראָכען פון דער קאָמיטע פאַר ניט אַטענדען די מיטינגען. זיי בעטען אויספילען דיזען וואַקאַנס. באַשלאָסען נאָכאַמאָל אויפמערקזאַם מאַכען פר. וואָלאָס, וואָרום ער אַטענדעט ניט צו די מיטינגען, און דאַן האַנדלען.

פון בר. 133. — שרייבען אַז זיי שטימען געגען דעם פונקט צו פאַרגרעסערען מיט 5 סענט דעם טעקס פון קאָנוועגשאָן פאָנד, ווייל זיי גלויבען, אַז ס'וואָלט ווינשענסווערט געווען, אַז אונזערע קאָנוועגשאָנס זאָלען געהאַלטען ווערען איין מאָל אַ יאָהר. באַשלאָסען די צושריפט צו פיילען.

פון דעם נאַציאָנאַלען אָפיס פון דער סאָצ. פאַרטיי. — לאַדען איין צו באַטייליגען זיך אין דער אַמעריקאַנער אַרבייטער קאָמיסיע וואָס מען פּלאַנעוועט צו שיקען אין רוסלאַנד, צו אונטערזוכען דאָרט די פאָליטישע און עקאָנאָמישע לאַגע, און דער אַ. ר. זאָל ערוועהלען איין פאַרטרעטער. — באַשלאָסען ענטפערען, אַז ביים יעצטיגען מאָמענט קענען מיר לוידער אין אַזאַ קאָמיסיע זיך ניט באַטייליגען.

פון ה' טשובין, מעמבער עט לאַרדזש. — ער אַפּעלירט געגען די האַנדלונג פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַצ. קאָמיטע צו טרענספערירען איהם פון בר. 542 אַלס מעמבער עט לאַרדזש. באַשלאָסען אויפנעמען די פראַגע נאָך'ן רעפּאָרט פון דער נאַצ. אָרג. קאָמיטע.

פון גענ. י. ב. סאַלוצקי. — ער רעקאָמענדירט צו רופען אַ קאָנפערענץ פון אַ. ר., געווערקשאַפטען, „פאָרווערטס" אָסס'ן און איד. סאָצ. פעדעראַציע וואָס זאָל אויסאַרבייטען אַ פּלאַן צו שאַפען אַ פולען קאָמפּלעט פאַר אַ מעדיצינישען האָספּיטאַל, און דאָס זאָל געגעבען ווערען פון דער אידישער אַרבייטערשאַפט אין אַמעריקא פאַר דער אַרבייטער רעפּובליק אין רוסלאַנד, צו איהר דריי־יעהריגען געבורטסטאָג. באַשלאָסען צו האַנדלען וועגען דעם ביי אַ צווייטען מיטינג.

פון אַ גרופּע מיטגלידער פון בר. 280. — זיי ערקלערען, אַז די פריהערדיגע עקז. האָט ערלויבט זייער ברענטש צו ענדערען דעם

…מען אויף: „מאַקס פּערלאָוויץ בר. 280". מאַנכע מיטגלידער דענ־…, דאָס אַזאַ ענדערונג וועט ניט זיין אין איינקלאַנג מיט דעם גייסט פון אַ. ר. און זיי זיינען דאַגעגען, אַז דער בראַנטש זאָל אין גאַנצען ענדערען דעם נאָמען. צוליעב דער מיינונגס־פאַרשיעדענהייט קומען פאַר רייבונגען אין בראַנטש און זיי פאַרלאַנגען, אַז די נאַצ. עקז. זאָל ענדערען דעם פריהעריגען באַשלוס. באַשטימט צו האַנדלען וועגען דעם ביים קומענדען מיטינג.

פון בר. 65. — דריקען אויס אַ פּראָטעסט און אומצופרידענהייט דערמיט, וואָס ס'איז בכלל אַרויסגעשיקט געוואָרען צו אַ רעפערענ־דום דער פּונקט וועגען אָננעמען אַ נייע פּרינציפּען ערקלערונג. — באַשלאָסען די צושריפט צו פיילען.

פון ראָטשעסטער לייבאָר לייסעאום קאָמיטע. — לאַדען איין אַ פאַרטרעטער צו דער עפענונג פון זייער לייבאָר לייסעאום, דעם 5־טען סעפּטעמבער. — באַשלאָסען שיקען אַ באַגריסונגס טעלעגראַמע.

## קאָמיטעס.

פון בר. 392. — זיי פרעגען צי מען קען געפינען אַ מיטעל צו שיקען אין סאַניטאַריום זייערען אַ מיטגליעד, וועלכער איז בלויז דריי מאָנאַטען אין אַ. ר. — דער טשערמאַן ערקלערט דער קאָמ., אַז אַ מיטגליעד איז ניט בערעכטיגט צו סאַניטאַריום, איידער ער איז אַ יאָהר אין אַ. ר.

פון ס. פּ. קאַמפּיין קאָמיטע. — גענאָסין מאַלקיעל ערקלערט, אַז דער סאָציאַליסטישער קאַמפּיין וועט דעם יאָהר דאַרפען אָנגעפיהרט ווערען אויף אַ ברייטען מאַסשטאַב און פאָנדס זיינען נויטיג פאַר דער אַרבייט. זי בעט צו העלפען דער קאַמפּיין קאָמיטע. זי בעט …צו שיקען פאַרטרעטער צו דער ס. פּ. קאַמפּיין קאָנפערענץ וואָס … אָפּגעהאַלטען ווערען דעם 52טען אויגוסט. — באַשלאָסען האַנד־לען וועגען דעם ביים קומענדען מיטינג.

פון די וואָירקערס דעפענס יוניאָן, אויך פון פּאָליטיקעל פּרי־זאָנערס דעפענס. — בעטען צו נעמען זייערע קערפּערשאַפטען אין אַכט ביים איינטיילען די צוויי טויזענד דאָלער, וואָס זיינען פאַר דעם צוועק באַשטימט געוואָרען ביי דער לעצטער קאָנווענשאָן. באַ־שלאָסען האַנדלען וועגען דעם ביים קומענדען מיטינג.

פון היברו אימיגראַנט אייד סאָסייעטי. — פר. בלאָק, אַלס פאַר־טרעטער, בעט, אַז די 10,000 דאָלער וואָס זיינען באַשטימט געוואָרען פון לעצטער קאָנווענשאָן פאַר זייער נייער היים זאָל צו זיי אויס־געצאָהלט ווערען יעצט, ניט וואַרטענדיג ביז דער אַסעסמענט פאַר דעם צוועק וועט קאָלעקטירט ווערען. — באַשלאָסען האַנדלען וועגען דעם ביים קומענדען מיטינג.

פון בר. 345. — אַ קאָמיטע ערקלערט, אַז דער בראַנטש האָט באַ־שטימט אַ טעקס פון פינף דאָל. פער מעמבער פאַר דעם קראַסילאָוער רעליעף. אַזוי ווי זיי האָבען אין בראַנטש פּיעלע, וועלכע זיינען ניט קיין לאַנדסלייט, ענטזאָגען זיי זיך צו צאָהלען. צוליעב דעם קומען פאַר רייבונגען. בעטען צו שיקען אַ פאַרטרעטער צו זייער מיטינג. — באַשלאָסען דאָס איבערצוגעבען צו דער נאַצ. אָרג. קאָם.

---

פר. אַלפּערט ערקלערט, אַז פר. באַסקין און ער האָבען ניט געקענט בייוואוינען? צום באַנקעט, וואָס איז געגעבען געוואָרען פאַר די דעלעגאַטען צו דער אינטערנאַציאָנאַלער רעליעף קאָנפערענץ.

פר. באַסקין באַריכטעט, אַז פר. העסקעל און ער זיינען געוועזען ביים באַנקעט, וואָס איז אַראַנזשירט געוואָרען פאַר אייב באַראָף, סעק.־טרעזשורער פון דער אינטערנעישאָנעל לעידיס גאַרמ. וו., צו זיין 50־יעהריגען יובילעאום. עס זיינען געוועזען פאַרטרעטער פון אַלע וויכטי־גע אַרבייטער אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס און דער עולם האָט צוזאַמען מיט דעם יובילאַר זעהר גוט פאַרבראַכט. — באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפערענדום צעהלער קאָמיטע.

פר. קרינסקי באַריכטעט, אַז פר. שפּינראַד און ער האָבען געצעהלט די קאָנווענשאָן רעפערענדום. אינ'ם רעפערענדום האָבען זיך באַ־טייליגט 268 בראַנטשעס. איין באַלאָט איז ניט געצעהלט געוואָרען, ווייל ס'איז ניט געווען דער זיעגעל און בראַנטש־נומער. פר. שפּינ־ראַד איז זונטאָג געווען פאַרנומען און פר. מאַלאָט האָט דאַן פאַרנומען זיין פּלאַץ.

אַלע פּונקטען פון רעפערענדום זיינען דורכגעגאַנגען מיט אַ גרויסער מאַיאָריטעט, אויסער דעם פּונקט צו העכערען די צאָהלונגען פאַר'ן „פריינד" פאָנד. דיזער פּונקט האָט געקראָגען 1908 שטימען פאַר און 3043 שטימען געגען.

עס־איז דורכגעגאַנגען, אַז די קומענדע קאָנווענשאָן זאָל אָפּ־געהאַלטען ווערען אין קענעדע. פאַר קענעדע אַלס דער פּלאַץ פאַר דער נעקסטער קאָנווענשאָן איז אָפּגעגעבען געוואָרן 1796 שטימען, פאַר פּראָווידענס — 589 שטימען.

די נייע פּרינציפּען־ערקלערונג איז דורכגעפאַלען ביים רעפער־ענדום. פאַר די פּרינציפּען־ערקלערונג זיינען אָפּגעגעבען געוואָרען 1876 שטימען, געגען 3539 שטימען.

באַריכט פון ליגעל קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

פר. ראָזענבלאָט, טשערמאַן פון דער ליגעל קאָמיטע, באַריכטעט, אַז די קאָמ. געהט ווייטער אָן מיט דער אַרבייט פון לעגאַליזירען דעם אָרב. רינג אין אַלע שטאַאַטען, וואו מיר האָבען בראַנטשעס, אָדער וואו מיר האָבען בלויז מעמבערס עט לאַרדזש. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

## סעקרעטער'ס רעפּאָרט.

פר. באַסקין, דזשענ. סעקרעטער, באַריכטעט אַז דער פאַרמעגען פון אַ. ר. באַטרעפט איצט $1,247,306.16.

ער דייטעט אָן, אַז ס'איז דורכגעגאַנגען דער פּונקט אין רעפער־ענדום דאָס מיט אַ ניי־געגרינדעטען בראַנטש קען 1 קאַנדידאַט פון יעדע 15 אַריינגענומען ווערען פון 45 ביז 50 יאָהר, און דער אָפיס האָט איבערגעגעבען צו מר. עלדרידזש, דעם עקטשוערי, אויסצואַר־בייטען אַ טאַבעלע פון צאָהלונגען פאַר מיטגלידער אין דעם עלטער.

אין 79טען קוואַרטאַל זיינען אַריינגעקומען 3613 נייע מיט־גלידער.

אין מאָנאַט יולי זיינען אַריינגעקומען 1288 נייע מעמבערס.

געשטראָכען געוואָרען זיינען אין 79טען קוואַרטאַל 1808 מיט־גליעדער, מיט עטליכע הונדערט מעהר ווי עס ווערען יעדען קוואַר־טאַל געשטראָכען. ווען מען נעמט אָבער אין אַנבעטראַכט די גרעסע־רע צאָהל מיטגליעדער וואָס דער אַ. ר. האָט איצט, איז די פּראָפּאָר־ציאָנעלע צאָהל פון געשטראָכענע כמעט די זעלבע, ווי אין די פרי־העריגע קוואַרטאַלען.

ער גיט איבער דעם צושטאַנד פון די פערשיעדענע פאָנדס, און זיין רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

---

עס ווערט באַשלאָסען, אַז דער פּונקט פון קאָנווענשאָן רעפערענדום וועגען אַריינגעמען מיט ניי־געגרידעטע בראַנטשעס איין קאַנדידאַט פון יעדע 15 אין עלטער פון 45 ביז 50 יאָהר זאָל אַריין אין קראַפט דעם 1טען אָקטאָבער 1920.

## רעפּאָרט פון דער. גריוועגס קאָמיטע, אַרב. רינג.

פר. האַסקעל, טשערמאַן פון דער קאָמ. באַריכטעט, אַז זיי האָבען אין פאַרלויף פון מאָנאַט פאַרהאַנדעלט וועגען די פאָלגענדע אַפּיעלס:

בר. 82 האָט אַפּעלירט געגען דער נאַצ. בענעפיט קאָמ. געגען זייער באַשלוס אויסצוצאָהלען די בענעפיט פאַר פר. ווייטגאַרד. דער בר. האָט גע'טענה'ט, אַז דער בעטרעפענדער האָט זיך ניט געמאָלדען אין ציייט, און ער האָט נאָכהער צוגעשטעלט אַ סטייטמענט פאַר 9 וואָכען און פאַרלאַנגט זיין בענעפיט. זיי האָבען דאַרום באַשלאָסען די בענעפיט ניט אויסצוצאָהלען. די בענעפיט קאָמ. האָט ערקלערט, אַז דער באַטרעפענדער האָט צוגעשטעלט סטייטמענטס פון דיספּענסערי פון בית ישראל האָספּיטאַל; אַז דער בר. האָט ניט געהאַט קיינע באַ־ווייזע, אַז ער זאָל האָבען געאַרבייט; אַז ביי דער הירינג פון דער בענעפיט קאָמ. האָט אַן אַ. ר. מיטגליעד עדות געזאָגט דאָס דער באַ־טרעפענדער האָט די גאַנצע צייט ניט געאַרבייט; אַז ביי דער הירינג האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז אַ באָי פון דעם באַטרעפענדען איז געוועזען אין בר. מעלדען וועגען זיין קראַנקהייט, דאָך האָט דער בר. זיך ניט גענומען די מיה די אַנגעלעגענהייט גענוי צו אונטערזוכען. די גריוועגס קאָמ. האָט באַשלאָסען גוטצוהייסען די האַנדלונג פון דער בענעפיט קאָמיטע.

אַ מיטגליעד פון בר. 214 האָט אַפּעלירט געגען בר. פאַר מאָנען פון איהם אַ טעקס פון 3 דאָלער פאַר אַ טעאַטער אונטערנעהמונג. דער אַפּעלאַנט האָט גע'טענה'ט, אַז מיטגליעדער וועלכע האָבען אַליין גע־נומען פאַר 1.50 דאָלער טיקעטס צו דער טעאַטער אונטערנעהמונג, האָט מען זיי ניט געטעקסט. איהם אָבער האָט מען געשיקט טיקעטס פאַר 3 דאָלער. דער בר. האָט ערקלערט, אַז ביי זייערען אַ ספּעשעל מיטינג איז באַשלאָסען געוואָרען צו טעקסען יעדען איינעם מיט 3 דאָלער טיקעטס צו דער אונטערנעהמונג. עטליכע וואָכען פאַר דער אונ־טערנעהמונג איז אַרויסגעשיקט געוואָרען אַ צושריפט צו די מיטגליע־דער, וועלכע האָבען נאָך ניט גענומען קיין טיקעטס, אַז זיי זאָלען קומען אויסקלייבען פאַר זיך טיקעטס, און אין פאַל זיי וועלען ניט קומען, וועט מען צו זיי אַרויסשיקען טיקעטס אויף זייער אייג־גענע פאַראַנטוואָרטליכקייט. צוויי וואָכען פאַר דער אונטערנעהמונג האָט דער בר. באַמערקט, אַז זיי וועלען ניט האָבען גענוג טיקעטס, האָבען זיי צו מאַנכע מיטגלידער געשיקט בלויז פאַר 1.50 דאָל. אָדער 2 דאָל. טיקעטס. דער אַפּעלאַנט אָבער האָט זיך ענטזאַגט צו צאָהלען דעם טעקס פאַר 3 דאָל. ניט אָנגעבענדיג קיין שום גרונד. דער בר. איז באַשטאַנען דערויף, אַז ער מוז דעם טעקס באַצאָהלען. ס'איז באַשלאָסען געוואָרען גוטצוהייסען די האַנדלונג פון בר.

אַ מיטגליעד פון בר. 369 האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון דער סאַניטאַריום קאָמ. ניט אַריינצונעהמען איהם אין סאַניטאַריום אויף דעם גרונד וואָס ער איז קראַנק געוואָרען אויף קאָנסאָמפּשאָן איידער ער איז געווען 6 מאָנאַטען אין אַ. ר. די סאַנ. קאָמ. האָט ערקלערט אַז די רעקאָרדס פון דעם באַטרעפענדען צייגען דאָס ער איז אַריינגקומען אין אַ. ר. דעם 11טען דעצעמבער 1911. דעם 27טען מאַי 1912 איז ער אַריין אַלס פּאַציענט אין אָטאָסוויל סאַניטאַריום פאַר טובוירקולאָס. אַזוי ווי ער איז קראַנק געוואָרען אויף קאָנ־סאָמפּשאָן איידער ער איז געווען אַ יאָהר אין אַ. ר., האָט די סאַנ. קאָמ. באַשלאָסען, אַז ער קען ניט אַריינגענומען ווערען אַלס פּאַציענט אין אונזער סאַנאַטאָריום. די גריוועגס קאָמ. האָט גוטגעהייסען די האַנדלונג פון דער סאַנ. קאָמ.

בר. 208 האָט אַפּעלירט געגען דער בענעפיט קאָמ. פאַר צוריק־

ווייזען די בענעפיט פון זייערען א מעמבער. די בענ. קאמ. האט ערקלערט אז דער סערטיפיקייט פאר דעם באטרעפענדען איז צוגעשיקט געווארען שפעטער ווי 30 טעג נאך דעם לעצטען טאג פון דער קראנקהייט, און דער בר. אליין האט צוגעגעבען אז דאס איז געווען צוליעב די נאכלעסיגקייט פון דעם באטרעפענדען. די בענ. קאמ. האט באשלאסען צוריקצואווייזען די בענעפיט, אנערקענענדיג אז דער א. ר. קען ניט זיין פאראנטווארטליך פאר די נאכלעסיגקייט פון מיטגליעדער אליין וועלכע דארפען אטענדען צו זייער בענעפיט. ל'איז באשאלסען געווארען גוטצוהייסען די האנדלונג פון דער בענ. קאמ.

א מיטגליעד פון בר. 498 האט אפעלירט געגען באשלוס פון בר. ניט צו מאנען פון א צווייטען מעמבער זיין חוב פון 10 דאלער. דער יעניגער, וועלכער איז שולדיג געווען דעם בר. געלד, האט צוגעשטעלט צום בר. א רעסיט פון א מאני ארדער צו איבערצייגען, אז ער האט דאס געלד צוגעשיקט. דער בר. סעקרעטער האט אפגעהאלטען דעם רעסיט ארום 9 מאנאט צייט, און האט זיך ענטזאגט דאס צו אונטערזוכען, ערקלערענדיג, אז מעמבער אליין דארף דאס טאן, נאכדעם ווי דער סעקרעטער האט איהם צוריקגעגעבען דעם רעסיט, האט יענער דעם רעסיט פארלארען. דער בר. האט ערקלערט, אז זיי האבען באשלאסען ניט צו מאנען פון איהם דעם חוב, איינזעהענדיג דאס זיין רעסיט איז געלעגען אין בר. ארום 9 מאנאטען. דער אפעלאנט וויעדער האט גע'טענה'ט, אז דער בר. האט ניט געדארפט שענקען יענעם די 10 דאלער ווייל ס'איז געווען די פליכט פון יענעם אליין צו אונטערזוכען אין פאסט אפיס און אומקערען די סומע צום ברענטש. עס איז באשלאסען געווארען גוטהייסען די האנדלונג פון ברענטש, נאר זיי אויפמערקזאם מאכען, אז זיי דארפען פון דעסטוועגען אויסגעפינען וואו די 10 דאל. זיינען אהינגעקומען.

א מיטגליעד פון בר. 348 האט אפעלירט געגען פאלגענדע האנדלונג פון בר.: מען האט איהם באשטראפט מיט צונעהמען דאס ווארט אויף 2 מאנאטען. ווען ער איז אין פארלויף פון דער צייט געקומען צו א מיטינג פון בר., האט מען זיך ענטזאגט צו צעהלען זיין שטימע אויף דעם גרונד וואס מען האט ביי איהם צוגענומען דאס ווארט. די גריוועגס קאמ. האט באשלאסען ענטפערען דעם בר. אז זיי קענען באשטראפען א מיטגליעד מיט צונעהמען פון איהם דאס ווארט אויף א געוויסע צייט, אבער ניט צונעהמען ביי איהם דאס רעכט צו שטימען, ווייל דאס איז א פונדאמענטאלע רעכט וואס א מיטגליעד האט אין דער ארגאניזאציע.

רעפארט פון דער גריוועגס קאמיטע ווערט גוטגעהייסען.

## רעפארט פון דער סאניטאריום קאמיטע.

פר. ספינראד, וויים טשערמאן פון דער קאמיטע, באריכטעט, אז ביכער אויף דער סומע פון 200 דאלער זיינען ארויסגעשיקט געווארען אין דער סאניטאריום ביבליאטעק.

ס'איז באשלאסען געווארען ארייצושטעלען אן עקסטרען באילער אין דער אדמיניסטריישאן בילדינג, אום צו האבען אין יענער געבוידע מעהר סטיעם ווינטער צייט. עסטימייטס ווערען יעצט גענומען פאר דעם באילער.

א דאנק דער פריינדליכקייט פון ס. יוראק, מישא עלמאן'ס מענעדזשער, איז געלונגען צו קריגען מישא עלמאן פאר א קאנצערט אין סאניטאריום. די סאניטאריום קאמיטע האט באשלאסען צו באנוצען זיך מיט דער גלענצענדער געלעגענהייט צו אראנזשירען דיזען קאנצערט אויף די גראונדס פון סאניטאריום, שבת אווענד, דעם 7טען אויגוסט. ספעציעלע אראנזשמענטס ווערען געמאכט, אז די פאציענטען זאלען אין צייט פון קאנצערט האבען אלע באקוועמליכקייטען און ניט ווערען געשטערט פון די געסט און באזוכער.

ס'איז באשלאסען געווארען צו פארקויפען די אלטע פיאנא פאר וועלכע מיר קענען קריגען ארום 75 דאלער.

הערי ארקאוויץ, וועלכער האט אויפזיכט אויף דעם סטאק און העלפט אויך ארויס דר. פיש אין פיעלע זאכען, פארלאזט דעם סאניטאריום, און די סאניט. קאמ. זוכט א צווייטען אויף זיין פלאץ.

א געוויסע פאציענטין איז פלוצלונג געווארען זעהר נערוועז און מען האט זי געמוזט שיקען אהיים מיט א נורס פון סאניטאריום.

דר. אנטאנאווסקי, וועלכער איז אנגעשטעלט געווארען אלס מעדיקאל דירעקטאר און סופעראינטענדענט, וועט אריין אין אמט דעם 21טען אויגוסט. דר. פיש האט פארשפראכען צו פארבלייבען אין סאניטאריום ביז יענער צייט, אבוואהל ער האט געדענקט אוועקפאהרען א סך פריהער.

די פאציענטען האבען צווישען זיך געזאמעלט 50 דאלער צו קויפען א פרעזענט פאר דר. פיש אלס אנדענקען פון סאניטאריום.

די אנגעשטעלטע פון סאניטאריום האבען געפאדערט אז מען זאל זיי געבען 1 טאג אין וואך פריי. אין אלע אינסטיטושאנס פירט זיך, אז אנגעשטעלטע האבען 1 מאל אין 2 וואכען א טאג פריי. דער פארלאנג פון די אנגעשטעלטע איז באוויליגט געווארען, און מען האט צוליעב דעם געמוזט אנשטעלען נאך 1 מענשען אום די ארבייט פון סאניטאריום אוועקצושטעלען ווי געהעריג.

פר. ל. ניומאן פון בר. 54 האט צוגעשיקט איניגע ביכער פאר דער ביבליאטעק פון א. ר. סאניטאריום. א דאנק־בריעף איז צו איהם געשיקט געווארען דורכ'ן ברענטש.

עס איז באשלאסען געווארען, אז דער דעפיציט פון אויפהאלטונגס פאנד ביז'ן 1טען יוני 1920 זאל געדעקט ווערען מיט דעם נו־פלוס פון בילדינג פאנד.

רעפארט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפארט פון דער נאצ. בענעפיט קאמיטע.

פר. דזשאקאבי, טשערמאן פון דער קאמ., באריכטעט, אז בנוגע דעם מיטגליעד פון בר. 473 וועגען וועמעס בענעפיט ס'איז שוין איין מאל רעפארטעט געווארען, האט דער בר. וויעדער צוגעשטעלט א נייעם סטייטמענט פון דאקטאר, וועלכער ערקלערט, אז ער האט 3 מאל געשטעלט באזונדערע דיאגנאזען ווייל די קראנקהייט פון דעם באטרעפענדען איז געווען אומבאשטימט (די לעצטע צוויי וואכען פאר דעם מעמבער זיינען אנפאנגס צוריקגעוויזען געווארען, ווייל ער האט געליטען אויף קאנסאמפשאן אין דער קני, און ער האט שוין געקראגען פאר 3 יאהר בענעפיט אויף קאנסאמפשאן). דער דאקטאר איז מיט דער מיינונג אז דער באטרעפענדער איז בארעכטיגט צו דער בענעפיט, ווייל דאס איז א גאנץ אנדער קראנקהייט. אויף די רעקאמענדיישאן פון דר. האלפערן און דר. הארכער, איז באשלאסען געווארען צו ענדערען דעם פריהערדיגען באשלוס און אויסצאהלען איהם פאר 2 וואכען בענעפיט.

א צושריפט איז ארויסגעשיקט געווארען צו די ברענטשעס וועגען פאלגענדע פראגען:

1) אז קראנקע וועלכע דארפען ניט ליגען אין בעט, זאלען זיך מעלדען צו א מיטגליעד פון בר. אויב מען טרעפט איהם ניט צו הויז.

2) אז די ברענטשעס זאלען אין זייערע צושריפטען און בילס אנגעבען די אדרעסען פון די האספיטעלער, ווייל עס טרעפט אפט, אז א מיטגליעד ווערט קראנק און ער ווייס ניט דעם האספיטעלערס אדרעס.

3) אויפמערקזאם מאכען די ניו־יארקער ברענטשעס, אז נייע מעדיקאל עקזאמינערס זיינען ערוועהלט געווארען און שיקען צו יעדען בר. א נייע קארד מיט די נעמען און אדרעסען פון די מעדיקאל עקזאמינערס.

פר. יאקאבי ערקלערט אז זיי גיבען אפ א מאסע צייט צו באזוכען ברענטשעס וואו עס האנדעלט זיך וועגען צווייפעלהאפטע בענעפיט און אויך אויפצונעהמען קאמיטעס פון אזעלכע ברענטשעס.

א מיטגליעד פון בר. 588 איז געשטארבען און זיינע יורשים פארלאנגען פאר איהם 200 דאלער קאנסאמפשאן בענעפיט. לויט דער קאנסטיטושאן ווערט קאנסאמפשאן בענעפיט אויסגעצאהלט בלויז דאן, ווען דער באטרעפענדער שיקט צו אן אפליקיישאן פאר אזא בענעפיט, צושטעלענדיג א סטייטמענט פון אן א. ר. דאקטאר, דאס ער ליידט פון קאנסאמפשאן. מיט דיזען מיטגליעד איז דאס אבער ניט געווען דער פאל און די בענעפיט קאמ. האט דארום באשלאסען צו ברענגען די פראגע צו דער נאצ. עקז.

נאך א דעבאטע ווערט באשלאסען די קאנסאמפשאן בענעפיט ניט אויסצוצאהלען.

דער רעפארט פון דער בענעפיט קאמ. ווערט דאן גוטגעהייסען.

---

עס ווערט באשלאסען צו האבען א פארזעצונג פון דעם מיטינג מיטוואך אבענד, דעם 11טען אויגוסט.

פ. גליעבטער,
רעקארדינג סעקרעטער.

---

## א פארזעצונג פון דעם מאנאטליכען מיטינג פון דער נאצ. עקז. פון א. ר. ווערט אפגעהאלטען מיטוואך אבענד, דעם 11טען אויגוסט, 1920, מיט פר. י. אלפערט, וויים־טשערמאן פון א. ר. אלס פארזיצענדער.

פר. אלפערט ערקלערט, אז דער טשערמאן, פר. ישורון, איז אוועק פון ניו יארק אין די אינטערעסען פון א. ר. און דארום פארנעמט ער זיין פלאץ.

## צ ו ש ר י פ ט.

פון פר. אב. עפשטיין, פון קארלסבאד. — ער שיקט א הערצליכען גרוס דער גאנצער נאציאנאלער עקזעקוטיוו און שרייבט, אז ער גרייט שוין צו א באריכט פון די ערפאהרונגען וואס ער האט אויף זיין רייזע.

## רעפארט פון דער נאצ. ארגאניזאציאנס קאמיטע

פר. יודיטש, טשערמאן פון דער קאמ., באריכטעט, אז ס'איז באשלאסען געווארען צו באוויליגען דעם פארלאנג פון ריטשמאנד, ווא., אז זיי זאלען האבען א באזונדערע סיטי קאמיטע, אום אויסצומיידען אין דער צוקונפט רייבונגען צווישען זיי און דער נארפאלק דיסטריקט קאמיטע.

דער ברענטש פון שפאנישע אידען האלט אין ארגאניזירט ווערען אין ניו יארק. א גרופע פון זיי זיינען שוין עקזאמינירט געווארען פון דעם דאקטאר, און זיי וועלען שוין ווארשיינליך קירצליך אינסטאלירט ווערען אלס ברענטש.

וואס אנבעלאנגט די לאגע אין דעטראיט, איז באשלאסען געווארען ניט צו שיקען אהין קיין פארטרעטער פריהער ווי עס וועט דארט ערוועהלט ווערען א נייע דים. קאמ.

פר. דינערשטיין איז געוועזן פארטראטען ביי דער אינסטאליישאן

פון ניועם בר. אין מידה ווילעדזש. זיי זיינען אינסטאַלירט געוואָרען מיט 28 מיטגליעדער. ער איז אויך געווען ביי דער אינסטאָליישען פון בעטת בימש בר. זיי האָבען ביי דער געלעגענהייט געהאַט אַ קאָנצערט און דער גאַנצער אָוונד איז דורכגעפירט געוואָרען זעהר שעהן. אַ פאָרטרעטער פון דער שלום עליכם פאָלקס שול האָט זיי באַגריסט, און האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף די קולטורעלע אַרבייט פון אַ. ר., און אויף דער טהעטיגקייט אין פאַרבינדונג מיט די שולען.

פר. אַלפערט איז געווען פאָרטראַטען ביי דער אינסטאָליישאַן פון דעם ערשטען גראַדימשער בר. 543, נואַרק, און האָט זיי באַגריסט אין נאָמען פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו. ביי דער אינסטאָליישאַן זיינען אויך געווען פאָרטרעטער פון אַלע נואַרקער ברענטשעס.

אַלע אַרענדזשמענטס זיינען געמאַכט געוואָרען פאַר די קאָנפערענצען צו ערוועהלען נייע סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס איבער'ן לאַנד. די קאָנפערענצען וועלען זיך אָנפאַנגען דעם 15טען אויגוסט, און וועלען זיך ענדיגען אין מיטען פון מאָנאַט סעפּטעמבער.

אין בר. 450, דענווער, קומען נאָך אַלץ פאָר רייסערייען. ווי מאַנכע מיטגלידער שרייבען, ווערען די מיטינגען געפירט אויף אַ שכּורמישען אופן. אַ שטרענגער בריעף איז צו זיי געשיקט געוואָרען, ערקלערענדיג אַז אויב דער בר. וועט זיך אין דער נאָהענטער צוקונפט ניט אויפפירען בעסער, וועט מען זיי אין גאַנצען אויפלעזען.

ס'איז באַשטימט געוואָרען, אַז דער מעמבערשיפּ קאַמפּיין זאָל זיך אָנפאַנגען אין מאָנאַט נאָוועמבער. ס'איז באַשלאָסען געוואָרען אין דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין צו געבען אַלס פּרימיום אַ פאונטען פען אָדער אַ סעט ביכער פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָם. אויסגאַבע, צו יעדען איינעם וועלכער וועט פאָרשלאָגען 10 אָדער מעהר נייע מיטגליעדער. גענויע פּלענער ווערען יעצט אויסגעאַרבייט ווי דער קאַמפּיין זאָל אָנגעפירט ווערען. אין די גרעסערע שטעט וועט דער מעמבערשיפּ קאַמפּיין ערעפענט ווערען דורך גרויסע קאָנצערטען און מאַס־מיטינגען.

בר. 251 און בר. 14 פון פּראָווידענס האָבען צוגעשיקט אַן אַדווערטייזמענט אין "פאָרווערטס" אין וועלכען זיי ערקלערען אַז בר. 110 האָט אויף זיין אייגענער פאַראַנטוואָרטליכקייט אַרויסגעשיקט דעם צושריפט צו די ברענטשעס ניט צו שטימען פאַר פּראָווידענס אַלס דעם פּלאַץ פון דער קומענדער קאָנווענשאָן. ווען דער אָפיס האָט דאָס ערפאַרען און געצויגען דערצו די אויפמערקזאַמקייט פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָם., איז באַשלאָסען געוואָרען שרייבען צו די צוויי ברענטשעס, אַז דאָס וועט געדרוקט ווערען אין „פריינד". אָבער מיר דענקען אַז עס איז ניט ראַטזאַם צו דרוקען זאַכען פון אַ ריין־אָרגאַניזאַציאָנס כאַראַקטער אין דער אַלגעמיינער פּרעסע.

פר. קרינסקי איז געווען פאָרטראַטען ביי דער אינסטאָליישאַן פון בר. 645 און האָט באַגריסט אין נאָמען פון דער נאַצ. עקז. ער איז אויך געווען פאָרטראַטען ביי בר. 198, האָבאָקען, וואו עס איז פאָרגעקומען אַ סכסוך צווישען איניגע מיטגלידער. דער מיטינג פון בר. 198 איז געווען גוט באַזוכט און ווי ס'זעהט אויס איז דער סכסוך דאָרט געשליכטעט געוואָרען. זיי האָבען אויסגעדריקט אַ דאַנק צו דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָם. פאַר שיקען צו זיי אַ פאָרטרעטער.

פר. ה. טשובין איז טרענספערירט געוואָרען פון בר. 542 אַלס מעמבער עט לאַרדזש, אויף די רעקאָמענדאַציע פון דער שיקאַגאָ דיסט. קאָם., אום אויסצומיידען דאָרט רייסערייען, וועלכע זיינען צוליעב איהם פאָרגעקומען.

רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער אָפיס קאָמיטע.

פר. מאַנדעל, ווייס־טשערמאַן פון דער קאָם., באַריכטעט, אַז אַ מיטגליעד פון בר. 325 האָט פאָרגעשלאָגען זיינע 2 שוועסטער אין בר. דער אָפיס האָט צוריקגעוויזען ביידע שוועסטער, און צוריקגעשיקט צום בר. די אַפּליקיישאָנס, ערקלערענדיג אַז די באַטרעפענדע ווערען צוריקגעוויזען אויף דעם גרונד וואָס זייער ברודער, וועלכער איז אויך דער בענעפישיערי, איז געגאַנגען מיט זיי צום דאָקטאָר אַלס קאָמיטע. די צוויי שוועסטער זיינען דאַן עקזאַמינירט געוואָרען אַ צווייטען מאָל דעם 4טען יוני. זיי האָבען איינגעצאָהלט זייערע דיוס צום בר. סעקרעטער, וועלכער האָט געהאַלטען די אַפּליקיישאָנס צוזאַמען מיט די איינטריטס געלד ביז אָנפאַנג קוואַרטאַל, אום זיי איינצושפּאָרען פאַר אַ קוואַרטאַל דיוס. דעם 22טען יוני איז איינע פון די שוועסטער פּלוצלונג געשטאָרבען. דער ברודער מאָנט פאַר איהר די טויטען בענעפיט. די אָפיס קאָם. האָט געענטפערט, אַז דער אַ. ר. קאָן ניט זיין פאַראַנטוואָרטליך פאַר די אינשורענס, ווען איהר אַפּליקיישאָן איז אין גאַנצען ניט ערהאַלטען געוואָרען אין אָפיס.

אין פאַרלויף פון דעם מאָנאַט, האָבען מיר געקראָגען טשאַרטערס אין נאָרטה דאַקאָטאַ סטייט און אין דער פּראָווינץ אַלבערטאַ, קענעדאַ.

אין בר. 407 איז געווען אַזאַ פאַל: זייערער אַ מעמבער איז אין אָפיס געשטראָכען געוואָרען. אין אַ קורצע צייט אַרום איז ער געשטאָרבען. דער בר. סעקרעטער האָט ערקלערט, אַז יענער איז אומגעזעצליך געשטראָכען געוואָרען אין בר. און די יורשים פאַרלאַנגען פאַר איהם די טויטען־בענעפיט. ס'איז באַשלאָסען געוואָרען זיי ענטפערן, אַז ביי אונז איז ער אָפיציעל געשטראָכען און מיר קענען ניט זיין פאַראַנטוואָרטליך פאַר די אינשורענס.

עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו דרוקען פאָרשלאַגס־בליינקס, רייט קאַרדס, און אויך בילס אין ענגליש און אין אידיש, אום די ענגליש־שפּרעכענדע ברענטשעס זאָלען זיך מיט דיזע קענען באַנוצען.

ס'איז באַשלאָסען געוואָרען פאָרלויפיג לאָזען דעם אָפיס אָהן ענדערונגען, ווייל פון די ענדערונגען וועלכע מען האָט געקענט מאַכען מיט קליינע הוצאות, וואָלט דער אָפיס קיין סך פּלאַץ ניט געוואונען.

ס'איז באַשטימט געוואָרען צו באַשטעלען אין „פאָרווערטס" בילדינג אַ רום פאַר די מיטינגען פון דער נאַצ. עקזעקוטיווע, און ווען מען וועט אַזעלכע קריגען, זאָל די איצטיגע עקזעקוטיוו רום צוגענומען ווערען אַלס אַ טייל פון אָפיס.

אויף דעם נאָכפראַגע בנוגע דעם מיטגליעד פון אַ. ר. אין פּאַטערסאָן, וועמען דער אינספּעקטאָר אויף עליס איילענד האָט געשטעלט ספּעציעלע פראַגען' וועגען אַ. ר., האָט דער לייבאָר דעפּאַרטמענט אין וואַשינגטאָן געענטפערט, אַז דער אינספּעקטאָר לייקענט דאָס ער האָט אַזעלכע פראַגען וועגען אַ. ר. געשטעלט צו יענעם מיטגליעד. אָבער דער פאַקט אַליין וואָס דער לייבאָר דעפּאַרטמענט האָט די פראַגע אונטערזוכט, וועט געוויס האָבען אַ ווירקונג אויף די בעאַמטע אין עליס איילענד.

מיר האָבען נאָך איצט הונדערטע קייסעס ביים „עליען פּראָפּערטי קאַסטאָדיען", פון וועלכע עס קומט אָן זעהר שווער אַרויסצוקריגען דאָס געלד פאַר די טויטען בענעפיט וואָס דאַרף איבערגעשיקט ווערען צו די יורשים אין איירופּאַ.

אַ צושריפט איז אַרויסגעשיקט געוואָרען צו די ברענטשעס וועגען דעם, אַז זיי זאָלען איינפירען טשעק אַקאַונטס און זעהן האָבען קאָמפּעטענטע סעקרעטערע.

די אָפיס קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו רעקאָמענדירען צו דער סאַנאַטאָריום קאָמיטע, אַז דער דעפיציט פון סאַנאַטאָריום אויפהאַלטונגס פאָנד זאָל געדעקט ווערען פון דעם סורפּלוס פון בילדינגס פאָנד, אום ס'זאָל ניט זיין קיין דעפיציט אין דעם ערשטען פאָנד. די סאַנאַטאָריום קאָמיטע האָט אָנגענומען דיזע רעקאָמענדאַציע און באַשלאָסען צו דעקען דעם גאַנצען דעפיציט וואָס איז געווען אין דעם אויפהאַלטונגס פאָנד ביז דעם ערשטען יוני 1920.

דער אָפיס האָט אויסגעאַרבייט טאַבעלען וועגען די בענעפיט וואָס איז אויסגעצאָלט געוואָרען אין אַ. ר. לויט באַשעפטיגונג. דיזע טאַבעלען צוזאַמען מיט אַ קורצען אַרטיקעל וועגען די טאַבעלען וואָלט ווינשענסווערט געווען צו דרוקען אין דעם „פראַטערנאַל מאָניטאָר", דעם ענגלישען זשורנאַל פון די פראַטערנאַל אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקאַ. דער „פראַטערנאַל מאָניטאָר" פאַרלאַנגט 250 דאָלער דאָס צו דרוקען. די אָפיס קאָמיטע רעקאָמענדירט די טאַבעלען זאָלען געדרוקט ווערען, ווייל מיר וועלען זיך נאָכהער קענען באַנוצען מיט דעם מאַטעריאַל.

אַלע ביישטייערונגען וואָס זיינען באַשטימט געוואָרען פון דער לעצטער קאָנווענשאָן, זיינען פון דעם רעפערענדום גוטגעהייסען געוואָרען, און די סומען זיינען שוין אַלע אויסגעצאָהלט געוואָרען, מיט דער אויסנאַמע פון די $2000 פאַר דער אַמנעסטי באַוועגונג, און די 10 טויזענד דאָלער פאַר דער היברו אימיגראַנט עיד סאָסייעטי.

וואָס אָנבעלאַנגט די 10 טויזענד דאָלער פאַר דער היברו אימיגראַנט אייד סאָסייעטי, האָט די אָפיס קאָמיטע באַשלאָסען, אַז דער טעקס פון 10 סענט פאַר דעם צוועק, זאָל צוגעשטעלט ווערען צו די בילס פון נעקסטען קוואַרטאַל, און די 10 טויזענד דאָלער זאָלען אויסגעצאָהלט ווערען צו דער היברו אימיגראַנט אייד סאָסייעטי נאָכדעם ווי מיר וועלען די געלדער קאָלעקטירען.

עס ווערט באַשלאָסען אויסצוצאָהלען יעצט די צעהן טויזענד דאָל. צו די היברו אימיגראַנט אייד סאָסייעטי, ניט וואַרטענדיג ביז דער טעקס וועט קאָלעקטירט ווערען.

רעפּאָרט פון דער אָפיס קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

---

פר. אַלפערט ערקלערט, אַז ער מוז אַוועקגעהן צו אַ רעליעף מיטינג און ער בעט צו ערוועהלען אַ טשערמאַן אויף זיין פּלאַץ. ערוועהלט פר. ל. דינערשטיין.

---

## רעפּאָרט פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע.

פר. בערנשטיין, ווייס־טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז ס'איז באַשלאָסען געוואָרען צו אַסיגנירען 300 דאָלער פאַר אַרבייטער רינג מיטגליעדער, וועלכע ווילען זיך פאַרשרייבען אַלס סטודענטען אויף אַ פולען קורס אין רענד סקול. דער אָוונד קורס אין רענד־סקול נעמט אומגעפער אַ יאָהר צייט, און קאָסט 60 דאָלער. די עדיוקיישאָנאַל קאָם. וועט באַצאָהלען אַ העלפט פון דעם וואָס דער קורס באַטרעפט, דאָס הייסט 30 דאָל. פאַר יעדען אַ. ר. מיטגליעד וואָס וועט זיך אויף אַזאַ קורס פאַרשרייבען. די עדיוק. קאָם. האָט איינגעזעהן, אַז ס'איז נויטיג צו האָבען טוער אין דער באַוועגונג און געבען זיי אַ סיסטעמאַטישע בילדונג איבער פאַרשידענע סאָציאַלע פראַגען, און מאַכען אַ פּראָבע דורך דער רענד סקול, וועלכע האָט שוין אַן איינגעאָרדענטע מאַשינערי און טראַדיציע אַלס אַן אַרבייטער שול פאַר דערוואַקסענע.

נייע אַ. ר. שולען האַלטען אין אָרגאַניזירט ווערען אין ווילקעס־באַר, פּאַ., ניו יאָרק, סט. פּאול, פּיטסבורג, קליוולאַנד און פּאָרטסמוט.

די צענטראַלע אידישע שול פון ווייס רוסלאַנד, ליטאָ און פּוילען האָט צוגעשיקט עקזעמפּלאַרען פון די זשורנאַלען „נייע שול", „גרינינקע בוימעלאַך" און „שול לעבען". ס'איז באַשלאָסען געוואָרען

צו פאַרלאַנגען פון זיי, אַז פאַר דער סומע וואָס איז זיי באַוויליגט געוואָרען זאָלען זיי אונז צושיקען אַ געוויסע צאָהל עקזעמפּלאַרען פון יעדע אויסגאַבע, און דיזע שריפטען זאָל מען פאַנאַנדערשיקען צו די אַ. ר. שולען.

ס'איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז די שול קאָמיסיע זאָל באַהאַנדלען אַלע פראַגען וואָס איז נוגע אַ. ר. שולען און זייערע באַשלוסען זאָלען גוטגעהייסען ווערען פון דער נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָם. די קאָמיסיע זאָל באַשטעהן פון 5 מיטגליעדער. פאָלגענדע זיינען ערווּעהלט געוואָרען אין דער קאָמיטע: יעקב לעווין, ה. בורגין, מ. שטיינבוים, דראַגונסקי, און זאק.

ער (בערנשטיין) איז געווען אין פילאַדעלפיא אונטערזוכען די לאַגע פון די דאָרטיגע שולען, וועלכע די עדיוקיישאָנאַל קאָם. וויל אויפקשטעלען אויף אַ מעהר פעסטען באָדען.

פר. ליעסין האָט געבעטען צו ערלויבען איהם פאָהרען אויף אַ וואַקאַציע און ענטשולדיגען זיין אַבוועזענהייט אויף צוויי מאָנאַטען. זיין פאַרלאַנג איז באַוויליגט געוואָרען.

פר. בערנשטיין דייטעט אָן, אַז די עדיוק. קאָם. מיטעט ניט רעגעלמעסיג און ער גלויבט, אַז דאָס שטערט זעהר פיעל דער אַרבייט פון דער קאָמיטע.

עס ווערט באַשלאָסען אויפצופאָדערען די מיטגלידער פון דער עדיוק. קאָם. צו אַטענדען די מיטינגען.

רעפּאָרט ווערט דאַן גוטגעהייסען.

עס ווערט באַשלאָסען צו ענטפערען פר. ת. טשובין, מ. ע. ל., אַז די האַנדלונג פון דער נאַצ. אָרג. קאָמיטע איז גוטגעהייסען געוואָרען

צו בר. 280 ווערט באַשטימט צו שיקען אַ קאָמיטע און אויסגעפינען דעם סענטימענט פון די מיטגלידער בנוגע דער פראַגע פון ענדערן דעם נאָמען פון בר. ערווּעהלט פר. הערמאַן און נעבאַמקין.

אַלס פאָרטרעטער צו דער אַ. ר. קאָאָפּעראַטיווע קאָנפערענץ ווערען ערוועהלט פר. פרישוואַסער און ליטאַוער.

אַזוי ווי ס'איז דורכגעפאַלען דער פונקט אין רעפערענדום וועגען העכערען די צאָהלונג פאַר'ן „פריינד" פאָנד, ווערט באַשלאָסען איבערצוגעבען צו דער נאַצ. עדיוק. קאָם. זיך אַרויצנטראַכטען און זעהן, אַז דער „פריינד" פאָנד זאָל קיין רעפּיציטען ניט האָבען.

עס ווערט באַשלאָסען אַרויסצושיקען אַן אַפּיעל צו די ניו־יאָרק ברענטשעס, אַז זיי זאָלען העלפען דעם סאָציאַליסטישען קאַמפּיין און העלפען פאַרקויפען די סטעמפּס ביכלעך וואָס זיינען צו זיי צוגעשיקט געוואָרען פון דער סאָצ. פּאַרטיי.

אַלס פאָרטרעטער צו דער עקזעקוטיוו פון דער פּיפּלס רעליף ווערען ערוועהלט פר. י. ב. ביילין, העסקעל און קרינסקי.

פ. געליעבטער,
רעקאָרדינג סעקרעטער.

## די טאַבעלע צייגט די טעטיגקייט פונ'ם אוידיטינג דעפּאַרטמענט פאַר'ן יאָהר 1919 אין פערגלייך מיט דעם יאָהר 1918.

די איינצעלהייטען פון יעדען ברענטש איז געדרוקט געווען אין לעצטען מאַי־נומער „פריינד".

| יאָהרען | צאָהל ברענטשעס אונטערזוכט | צאָל קוואָרטאַלען אונטערזוכט | טאָטאַל צאָהל מעמבערס פון די ברענטשעס | טאָטאַל איינקאַמע פון די ברענטשעס | טאָטאַל אויסגאַבען פון די ברענטשעס | טאָטאַל באַלאַנס | קאָסטען פונ'ם אודיטינג דעפּאַרטמענט |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1918 | 176 | 463 | 23131 | 253,068.37 | 213,307.16 | 39,760.21 | 1705.46 |
| 1919 | 251 | 718 | 33877 | 439,678,57 | 380,686.74 | 58,991.83 | 2202.46 |
| פּראָצענט מעהר אין 1919 | 42.6 | 55.1 | 46.5 | 73.7 | 78.5 | 48.4 | 29.2 |

# סקאָלאַרשיפּ פאַר גֿעטרייע א. ר. טוער

אַלס אַ טייל פון דער בילדונגס טעטיגקייט פון אַ. ר. האָט די נאַציאָנאַלע עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע באַשלאָסען צו צוטיילען צווישען די אַקטיווע טוער, וואָס ווילען פאַרפּאָלקאָמען זיך אין סאָציאַלע וויסענשאַפטען, פ י נ ף און צ וו אַ נ צ י ג סקאָלערשיפּס פאַר די ספּעציעלע קורסען אין ראַנד־סקול.

די קורסען וועלען באַשטעהן פון 192 לעקציעס אין די געגענשטאַנדען פון: עקאָנאָמיק, פּאָליטיק, געשיכטע, סאָציאַליזם, טרייד־יוניאָניזם, קאָ־אָפּעראַציע, בילדונגס־מעטאָדען, סעקרעטער און אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט, רעדנער־קונסט א. אַז. וו.

עס פאַרשטעהט זיך, אַז די שולער קענען זיך אויסקלייבען, מיט דער צושטימונג פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, די געגענשטאַנדען וואָס זיינען זיי נעהענטער, און אין וועלכע זיי זיינען מעהר פאַראינטערעסירט. יעדער געגענשטאַנד וועט פאַרנעמען פון 12 ביז 24 לעקציעס. דער גרעסטער טייל פון זיי וועט געגעבען ווערען אין די אָוונטען פון מיטען דער וואָך, אויסער עטליכע געגענשטאַנדען, וואָס וועלען געלערנט ווערען אויף שבת און זונטאַג. די אָוונט־קלאַסען וועלען זיין פון 7.30 ביז 8.40 און פון 8.50 ביז 10. כדי צו געבען אַנדערע סטודענטען די מעגליכקייט צו הערען צוויי לעקציעס אין איין אָוונט.

דער גאַנצער קורס, וואָס וועט זיך ציהען צוועלף מאָנאַטען, וועט אָפּקאָסטען דעם, וואָס וועט קריגען איינע פון די סקאָלערשיפּס — 30 דאָלער. די א י ב ע ר י ג ע סומע וועט פאַר איהם באַצאָהלען די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, אַזוי גיך ווי ער וועט אַריינטרעטען אין דעם צווייטען האַלבען יאָהר פון קורס.

כדי צו געווינען אַן אַרבייטער־רינג סקאָלערשיפּ פאַר אַט דעם ספּעציעלען קורס אין ראַנד־סקול איז נויטיג:

צו זיין אַ מיטגליעד פון אַ. ר. און צו קענען אַנווייזען אויף אַן אַקטיווער טעטיגקייט אין איינעם פון די צווייגען פון דער אַרבייטער־באַוועגונג, פון אַ. ר., סאָצ. פּאַרטיי, טרייד־יוניאָן אָדער קאָאָפּעראַטיווע, אויך אַנגעבען רעפערענץ פון אַ. ר. ברענטש, אָדער פון וועלכען עס איז בעקאַנטען טוער אין דער אַרב. באַוועגונג. ער מוז קענען אַביסעל ענגליש אויף אַזוי פיעל, אַז ער זאָל פאַרשטעהן די לעקציעס.

שרייבט אָן אַ קורצען בריוועל, אין ענגליש, צו דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע פון אַ. ר., אַנגעבענדיג אייער אַדרעס, עלטער, באַשעפטיגונג, קענטעניש, שולען, וואָס איהר האָט דורכגעמאַכט און אָנווייזענדיג אויף אייער טעטיגקייט אין דער אַרב. באַוועגונג.

די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע וועט אויסקלייבען פון צווישען די אַלע אַפּליקאַנטען די בעסטע פינף און צוואַנציג, וואָס וועלען זיין פּאַסענדער פאַר דעם קורס, רעכענענדיג זיך מיט זייערע פאַרדינסטען אין דער באַוועגונג.

די אַלע אַפּליקאַציעס מוזען אַריינקומען אין אָפיס פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע פון אַ. ר. נישט שפּעטער פאַר 15טען אָקטאָבער. דאַן וועלען קריגען די אַפּליקאַנטען אַ בריוועל ווען צו קומען צו דעם עקזאַמען.

ס'דאַרף זיך נ י ט ש ר ע ק ע ן פאַר אַט די עקזאַמענס, זיי וועלען זיין אין גענאָסענשאַפטליכען גייסט און אפילו די וואָס וועלען ניט געווינען די סקאָלערשיפּס וועלען אויך פיעל בענעפיטירען פון די עצות און אָנווייזונגען, וואָס י ע ד ע ר אַפּליקאַנט וועט קריגען, ווען מ'וועט איהם אומקעהרען זיינע פּאַפּירען.

ס'ערוואַרטעט אַ גרויסער אינטערעס פון די מיטגלידער פון אַ. ר. צו געווינען די סקאָלערשיפּס, נישט אַזוי פיעל צוליעב די 30 דאָלער, וואָס זיי וועלען שפּאָרען (דער רעגולערער קורס קאָסט 60 דאָלער), נאָר צוליעב דעם, וואָס פיעלע וועלען זיך אַנשטרענגען צו געווינען די עהרע פון צו זיין איינער פון די 25, וואָס זיינען באַעהרט געוואָרען פון דער עדיוק. קאָם. מיט סקאָלערשיפּס.

# צווייטער האלב-יעהרליכער צוזאמענפאהר פון די נאציאנאלע באארד און דירעקטארס

דאנערשטאג דעם 8טען יולי 1920 11 אוהר מארגענס ערעפענט דער סעקרעטער פון דער נ. ב. א. ד., ל. ארקין, דעם צווייטען האלביעהרליכען צוזאמענפאהר, אין געב. אפיס פון א. ר.

ער שטעלט פאר דעם ניו־ערוועהלטען דירעקטאר פר. ס. לין פון מאנטרעאל, קענעדע, פאר די איבעריגע דירעקטארען.

ה. שולמאן, מעין, ווערט ערוועהלט אלס טשערמאן.

עס זיינען אנוועזענד: ל. ארקין, פענסילווייניא; ל. בעצאהלער, נויארק; ב. דאקסער, מישיגען; ס. לין, קוויבעק; ת. לין, ניו־דזשוירזי; א. רובין, וויסקאנסין; ד. שייער, מינעסאטא; ת. שולמאן, מעין; ה. שערמאן, ראוד אוילענד.

אין פערלויף פון דער ערשטער זיצונג זיינען אויך אנגעקומען פאלגענדע דירעקטארען: ל. בענענסאן, אילינאיז; ב. דייווים, ווירדזשיניא; י. וויניצקי, אהייא; מ. רייס, קאנעקטיקוט.

אבוועזענד זיינען געווען: א. פעלאוויטש, מערילענד; און א. ריביי, אנטאריא.

טאגעס־ארדנונג: א) פראטאקאל פון לעצטען צוזאמענפאהר; ב) סעקרעטער'ס רעפארט; ג) צושריפטען; ד) רעפארט פון דעלעגאט דער לעצטער קאנווענשאן; ה) רעפארט פון קאמיטע געשיקט אין יטאריום; ו) באריכט פון עקז. קאמיטע; ז) באריכט פון נאציאנאלען טשערמאן; ח) באריכט פון דזשענ. סעקר.; ט) באריכט פון אקטאר פון „פריינד"; י) אפיעלס, אויסהערען און ענטשיידונגען; יא) ערוועהלען א קאמיטע צו בעזוכען דעם סאניטאריום; יב) וואהל און בעסטען.

דער סעקרעטער לעזט דאן פאר דעם פראטאקאל פון לעצטען צוזאמענפאהר. דער פראטאקאל ווערט אנגענומען מיט פאלגענדער בעמערקונג, „דאס ס. רייס, קאנעקטיקוט, איז ערוועהלט געווארען אלס סאבסטיטוט אין דער גריוועגס קאמיטע".

דער סעקרעטער ל. ארקין גיט דאן אפ זיין באריכט.

טייערע פריינדע: אלס אייער סעקרעטער, קום איך אייך יעצט באריכטען פון דער ארבייט, וואס איך האב געטהאן אין די לעצטע 6 מאנאטען, ד. ה. פון דעם ערשטען צוזאמענפאהר, ביז דעם יעצטיגען.

## צוזאמענפאהר

די אורזאכע פון אפלייגען דעם צוזאמענפאהר אויף עטליכע טעג איז געווען די ספעציעלע בקשה פון גענ. סעק. י. באסקין, אז מיר זאלען אפלייגען אונזער צוזאמענפאהר אויף א וואך צייט, דערפאר וואס פיעלע טשערליימע פון דער עקז. קאמ. וועלען דעם 4טען דזשולייי ניט זיין אין נויארק און וועלען ניט קענען באריכטען.

איך האב איהם טעלעגראפיש געלאזט וויסען, אז עס איז אן אונמעגליכקייט צו ענדערען די צייט פון צוזאמענפאהר און אז אוינע דירעקטארען האבען שוין זאגאר געמאכט די הכנות צו פערלאזען זייער ארבייט פאר די טעג פון 2טען, 3טען און 4טען יולי, און אגב אורחא האב איך ניט דאס רעכט צו ענדערען די צייט פון צוזאמענפאהר. ניט האבענדיג גענוג צייט זיך צוזאמענצושרייבען מיט אייך, האב איך באשטאנען אז די טעג פון אונזער צוזאמענפאהר זאל ניט געענדערט ווערען. ער האט מיר אבער טעלעגראפיש געלאזט וויסען, אז עס וועט זיין אונמעגליך אז די עקז. טשערלייטע זאלען זיין אנוועזענד צו אונזער מיטינג אין די אויבענדערמאנטע טעג.

ביי דעם היינטיגען מיטינג וועלען מיר אבער מוזען באשליסען, ווען דער קומענדער צוזאמענפאהר זאל זיין און קיינער זאל ניט קענען דאס ענדערען. די עקז. טשערלייטע וועלען מוזען ארראנזשירען אזוי, דאס זיי זאלען קענען אנוועזענד זיין אין די טעג, ווען אונזער קומענדער צוזאמענפאהר וועט זיין.

## סעקרעטערס ארבייט

די ארבייט פון אייער סעקרעטער, אין די לעצטע 6 מאנאטען איז געווען גאנץ ווייט פון צו זיין ליכט, עס ווייזט אויס דאס וואס אונזער ערשטער צוזאמענפאהר האט געהאט פיעלעס צו ערלויריגען, האט זיך אויך אבגעשפיגעלט אויף דער ארבייט פון אייער סעקרעטער.

פון דעם לעצטען צוזאמענפאהר ביז היינט האב איך ערהאלטען 81 בריעף, וועהרענד מיר איז אויסגעקומען שרייבען 121 בריעף, נעטענדיג אין אנבעטראכט, אז די בריעף ווערען געשריבען מיט'ן האנט, און גאנץ אפט אין אוועגד נאך א טאג ארבייט, איז דאס געווען ניט גאנץ גרינג.

איך האב בעזארגט אלץ, וואס איהר האט מיר אינסטרואירט צו טאן ביי דעם לעצטען מיטינג. איך האב יעדען געשריבען וועגען די ענטשיידונגען און די אפיעלס וואס זיינען פארגעקומען פאר אייך, און האב אויך יעדען פון אייך געענטפערט אויף אייערע בריעף.

פאר דער צייט האב איך צו אייך ארויסגעשיקט 5 צושריפטען, די וויכטיגסטע פון זיי איז געווען די צושריפט, אז די נאצ. עקז. קאמ. איז ניט צופרידען מיט אייער ענטשיידונג וואס איהר האט ארויסגעגעבען ביים לעצטען צוזאמענפאהר בנוגע צוויי אפיעלס, וועגען בר. 155, און וועגען בר. 6.

בנוגע בר. 6 דענקט די עקזעק. אז איהר האט ארויפגעלייגט א צו שטארקע שטראף אויף פר. העלער, וועגען וועמען עס האט זיך אין דעם אפיעל געהאנדעלט.

• וואס אנבעלאנגט בר. 155 וועט די נאצ. עקז. קאמ. אליין נאך אמאל דורכקוקען די גאנצע קייס, און אויף דאס ניי וועגען דעם האנדלען.

זיי דייטען אויך דערביי אן, אז ביי ביידע „היערינגס" האט איהר געהאט פערטרעטער פון די ברענטשעס, אין דער צייט ווען די גריוועגס קאמ., געגען וועמעס ענטשיידונג עס איז אפעלירט געווארען, איז ניט געווען פערטראטען, ווי עס האט זיך שטענדיג געפיהרט.

ניט וועלענדיג נעמען אויף זיך די אחריות, און ענטפערען דער עקז. קאמ., האב איך גלייך אדויסגעשיקט צו אייך א צושריפט, ערקלערענדיג אייך דעם פארלאנג פון דער עקז. קאמיטע, און צו דערזעלבער צייט אויך ארויסגעזאגט די מאטיוועו פון מיין מיינונג דאגעגען. עס האט מיך זעהר געפרעהט וואס אין כמעט אלע אייערע ענטפערס זייט איהר געווען מיט מיר איינפערשטאנען. איך האב געענטפערט דער עקז. קאמ. אז —

1) עס זיינען ניט ריכטיג איבערגעגעבען געווארען די פאקטען. אז מיר האבען דער גריוועגס קאמיטע ניט איינגעלאדען צו זיין פאראנטעווארטליך ווען די אפיעלס זיינען פארהאנדעלט געווארען. א מינדליכע איינלאדונג איז יא איבערגעגעבען געווארען צום טשערמאן פון דער גריוועגס קאמיטע.

2) טאקע צוליעב דעם וואס קיינער פון דער גריוועגס קאמ. איז ניט אנוועזענד געווען (און אגב אורחא איז קיין קאמיטע פון בר. 155 אויך ניט געווען צו אונזער זיצונג, דער אפיעל איז געמאכט געווארען שריפטליך) איז ערוועהלט געווארען א סאב־קאמיטע פון 3 וואס האט דורכשטודירט אין אפים אלע צושריפטען בנוגע די אפיעלס און איבערגעגעבען דעם אינהאלט פון די אפיעלס צו אונזער זיצונג. די גריוועגס קאמיטע וואלט אונז ניט געקענט געבען מעהר פאקטען, ווי זיי אליין האבען ערהאלטען אין די צושריפטען.

3) עס איז ניט צו שפעט צו האנדלען דריי מאנאטען נאכדעם ווי דער אפיעל איז ערלעדיגט געווארען.

4) בנוגע דעם אפיעל פון בר. 6, איז דאס וואס מען איז אלט און מען קען שוין ניט מעהר אריינגענומען ווערען אין א פראטעסיאנעל ארגאניזאציאן א קנאפער ארגומענט פאר א מעמבער וואס פארנעמט געלט פון א ברענטש, ווי קליין די סומע זאל ניט זיין, און בפרט נאך אין דעם פאל וואו ער האט זיך זאגאר ענטזאגט אויסצוגעבען די ביכער. און דעריבער ענטזאגען זיך די נ. ב. א. ד. אויפצופענען נאך אמאל די אפיעלס.

אין א פאר וואכען שפעטער האב איך ערהאלטען א בריעף פון סעק. פון בר. 6, אז די עקז. קאמיטע האט דעם בעטרעפענדען מעמבער געמאכט פאר א מעמבער עט לארדזש. די עקז. קאמ. האט מיר אפיציעל ניט געלאזט וויסען אויס וועלכע גרינדע זיי האבען דאס געטאן. ווארשיינליך איז די פראגע פערהאנדעלט געווארען אויף דער קאנווענשאן, וועגען וועלכער אונזער דעלעגאט וועט אונז באריכטען.

אפיעלס: נאך אונזער לעצטען צוזאמענפאהר האב איך ערהאלטען אייניגע אפיעלס. איך האב צוזאמענגערופען אייער גריוועגס קאמיטע וועלכע בעשטעהט פון בעצאהלער (נויארק), לין (ניו דזשוירזי) און מיר זעלבסט, אויף דעם 13טען מאי אין נויארק, וואו מיר איז אויסגעקומען זיין צוליעב דער ס. פ. קאנווענשאן. פאר אונז איז פארגעקומען 3 אפיעלס:

1) פון אויפגעלייזטען בר. 192 (פעטערסאן). זיי אפעלירען געגען דער עקז. פאר צונעהמען פון זיי דעם טשארטער. ניט קענענדיג אויסהערען זייערע אלע בעווייזע וואס אנבעלאנגט זייער אפיעל, איז באשלאסען געווארען אז אונזער גריוועגס קאמ. זאל ארויספאהרען דעם 30טען מאי קיין פעטערסאן אויסהערען אלע עדות, אויך די פערמערסאנער סיטי קאמיטע, צוזאמען מיט דער נאצ. עקז. קאמ. און ברייגען זייער רעפארט צו דעם צוזאמענפאהר, כדי צו שפארען אויסגאבען.

2) א קאמ. פון בר. 600 האט אפעלירט געגען דער נאצ. גריוועגס קאמ. פאר ארונטערנעמען די שטראף פון זייערע דריי מעמבערס, וועמען דער בר. האט געפונען שולדיג אין וועלען צוברעכען דעם מיליגערי סטרייק. די נאצ. גריוועגס קאמ. האט ערקלערט אז די אורזאכע וואס זיי האבען ארונטערגענומען די שטראף פון די דריי מעמבערס איז געווען, וואס די דריי מעמבערס האבען געבראכט געשווארענע „אפידייוויטס" פון עדות, אז די דייטס און טענות פון בר. זיינען ניט קיין ריכטיגע, וועהרענד דער בר. האט ניט געבראכט קיין עדות צו בעשטעטיגען זייערע בעווייזע.

מיר האבען בעשלאסען פאדערען פון בר. עדות, צו בעשטעטיגען זייערע טענות, און דאס ברייגען צו דעם צוזאמענפאהר.

3) עס איז אויך ערהאלטען געווארען אן אפיעל פון ס. מאלל, געגען דער נאצ. גריוועגס קאמ. אין פערלייכטערען א שטראף פון א מעמבער, וועלכער ווערט בעשולדיגט אין סקעבען, און וועמען בר. 184 האט בעשטראפט מיט 75 דאלאר און אוועקגענומען אלע רעכטע פאר 2 יאהר צייט.

די נאַצ. גריוועגס קאָמיטע אַרגומענטירט אַז די נ. ב. אַ. ד. קענען דעם אַפּיעל ניט אויפנעמען, ווייל דער בעטרעפענדער מעמבער האָט אַפּעלירט צו דער נאַצ. גריוועגס קאָמיטע געגען בר. 184, און בלויז בר. 184 האָט אַ רעכט צו אַפּעלירען געגען זייער בעשלוס צו די נ. ב. אַ. ד., וועהרענד בר. 184 האָט ביי זייערען אַ מיטינג בעשלאָסען זיך אונטערוואַרפען דעם בעשלוס פון דער נאַצ. גריוועגס קאָמיטע.

מיר האָבען בעשלאָסען צו פערהאַנדלען דאָס ביי אונזער צוזאַמענפאָהר.

זינט יענעם טאָג האָב איך ערהאַלטען נאָך איניגע אַפּיעלס וואָס וועלען פאָרקומען פאַר אייך.

ווי איהר וועט באַמערקען זיינען אַלע קלאַגען און אַפּיעלס בעגרינדעט ניט אויף קאָנסטיטוציאָנעלע אויסטייטשונגען, אָדער בענעפיט אַפּיעלס, נאָר פאַר איבערטרעטען די פּרינציפּען פון אַ. ר., און עס איז ווירקליך אַ פרעהליכע ערשיינונג, זעהענדיג ווי די מעמבערס באַקעמפּפען יעדען אויף וועמען עס איז פאַראַן זאָגאַר בלויז אַ פערדאַכט אַז ער האָט איבערטראָטען די פּרינציפּען וואָס דער אַ. ר. האָט זיך געשטעלט אין אָנפאַנג פון זיין עקזיסטענץ; און די מעמבערס האַלטען דאָס פיעל העכער, און טייערער ווי די אַלע בענעפיטס וואָס דער אַ. ר. צאָהלט.

אייער גריוועגס קאָמיטע האָט אויך געהאַט אַ מיטינג מיט דער נאַצ. בענעפיט קאָם. לויט אייער אינסטראַקשאָן פון לעצטען צוזאַמענפאָהר, און זיי האָבען פערהאַנדעלט דעם אַפּיעל פון בר. 31, וועלכע פאָדערען קראַנקען בענעפיט פאַר מיס ר. ליעז, וועמעס קראַנקען־סערטיפיקייטס זיינען אָנגעקומען אין אָפיס נאָך דער צייט, לויט די רולס פון אָפיס, דערפאַר וואָס איהר דאָקטאָר איז אַוועק אין דער אַרמיי, און די סערטיפיקייטס האָבען ניט געקענט אויסגעפילט ווערען ביז וואַנען ער איז צוריקגעקומען. די נאַצ. בענעפיט קאָם. האָט אָנגענומען אונזער רעקאָמענדיישאָן, און האָט די בענעפיט צו פריינדין ליעז אויסגעצאָהלט.

## דעלעגאַטען צום קאָנווענשאָן

ביי היינטיגען צוזאַמענפאָהר וועט איהר מוזען זוכען אַ וועג ווי אַזוי די נ. ב. אַ. ד. זאָלען קענען שיקען 2 דעלעגאַטען צו די קומענדע קאָנווענשאָנס, אנשטאט איין־דעלעגאַט.

ביי די קאָנווענשאָנס קומען פאָר פערשיעדענע פראַגען אין וועלכע די נ. ב. א. ד. זיינען פאַראינטערעסירט דורכצופיהרען, צוליעב דעם וואָהל און בעסטען פון אַ. ר. די אַלע קאָנווענשאָן קאָמיטעס מיטען אין איין און דערזעלבער צייט, און עס איז פשוט אַ פיזישע אונמעגליכקייט פאַר א י י ן דעלעגאַט צו זיין איבעראַל, און ערקלערען דעם שטאַנדפּונקט פון די נ. ב. א. ד. אין די פראַגען וואָן איהר האָט רעקאָמענדיישאָנס צו פערשיעדענע דעפּאַרטמענטס, אָדער אַלגעמיינע אַ. ר. פראַגען, און דאָס איז טאַקע די אורזאַכע ווארום פיעלע פראַגען וואָס ווערען רעקאָמענדירט פון די נ. ב. א. ד. ווערען פערוואָרפען פון די קאָנווענשאָן־קאָמיטעס.

צום ביישפּיעל נעהמט די נאָר וואָס פאַרבייגעגאַנגענע קאָנווענשאָן: אייער דעלעגאַט האָט בעדאַרפט ערשיינען אום דורכצופיהרען אייער שליחות ווי געהעריג, פאַר פאָלגענדע קאָנווענשאָן קאָמיטעס: 1) פאַר דער אַדמיניסטריישאָן קאָמיטע, צו פאָדערען אַן ענדערונג אַז איהר זאָלט האָבען דריי צוזאַמענפאָהרען אַ יאָהר (אנשטאט צוויי, ווי ביז יעצט; 2) פאַר דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמ., איבערגעבען אייער פאַרלאַנג אויף אַ בודזשעט פאַר 300 דאָלאַר פון אָרגאַניז. פאָנד, אום צו קענען אַרויספאָהרען באַריכטען צו ברענטשעס; 3) פאַר דער עדיוקיישאָנאַל קאָמ. וועגען אייער רעקאָמענדיישאָן צו העכערען דעם „פריינד" פאָנד; 4) פאַר דער אָפיסערס רעפּאָרט קאָמיטע, וועגען סכסוך מיט דער נאַצ. עקז. קאָמ. בנוגע בר. 6 און בר. 155. ווי איהר זעהט, האָט די אַרבייט געדאַרפט פון איהם געטאָן ווערען אין אַ זעהר קורצער צייט.

די נאַצ. עקז. קאָמ., אַ קערפּערשאַפט פון 30 מעמבערס, שיקען 7 דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאָן, וועהרענד די נ. ב. א. ד., אַ קערפּערשאַפט פון 15 מעמבערס, שיקען בלויז 1 דעלעגאַט.

איהר וועט דאַרפען געפינען אַ וועג ווי אַזוי צו פּרעזענטירען אייערע אַרגומענטען צו דער ברייטער מעמבערשיפּ, און איך בין זיכער אַז זיי וועלען אייער פערלאַנג נאָכגעבען.

## איינלאַדונגען

פאַר דעם משך פון די לעצטע 6 מאָנאַטען האָבען מיר ערהאַלטען 2 איינלאַדונגען צו זיין פאַרטראָטען ביי צוויי יובילעאומס: איין איינלאַדונג איז געווען פון אַ קאָמיטע פון באָסטאָן, וועלכע האָבען געפייערט דעם 50־יאָהריגען יובילעאום פון גענ. וו. באַקסט, אַן אַלטער טוער אין אַ. ר. פר. מ. רייז, דירעקטאָר פון קאָנעקטיקוט, איז דאָרט אַנוועזענד געווען און באַגריסט דעם יובילאַר אין אייער נאָמען. די צווייטע איינלאַדונג איז געווען פון בר. 90 אַ. ר. טרענטאָן, נ. דזש., צו זייער 15־יעהריגען יובילעאום־באַנקעט. איך האָב צו זיי צוגעשיקט אַ בעגריסונג אין נאָמען פון די דירעקטאָרען.

## נאָך אַ דירעקטאָר

איך האָב דאָס פאַרגעניגען אייך צו מעלדען, דאָס איהר האָט צוגעקראָגען אין אייער קערפּערשאַפט נאָך אַ דירעקטאָר, נעמליך פר. ס. לין, געשיקט פון מאָנטרעאַל, קוויבעק.

פר. לין איז אַן אַלטער טוער אין אַ. ר. און צוזאַמען מיט אייך וועט ער קענען פיעל לייסטען פאַר אונזער אָרגאַניזאַציאָן.

עס זיינען נאָך פאַראַן איניגע סטייטס, וואָס זיינען באַרעכטיגט צו זיין פאַרטראָטען צו די נ. ב. א. ד., און ביי דער זיצונג וועט איהר דאַרפען זעהן, אַז די סטייטס זאָלען זיין פאַרטראָטען צום קומענדען צוזאַמענפאָהר."

דעם סעקרעטער'ס רעפּאָרט ווערט אָנגענומען.

דער סעקר. לעזט פאַר צוויי צושריפטען:

1) פון בר. 369: אַפּעלירען געגען דער סאַניטאַריום קאָמ. פאַר ענטזאַגען אַריינצונעהמען אין סאַניטאַריום זייערען אַ מעמבער, דערפאַר וואָס אין יאָהר 1911 האָט ער זיך געמאָלדען קראַנק אויף קאָנסאַמפּשאָן, נאָך ניט זייענדיג קיין יאָהר צייט קיין מעמבער, איז ער ניט געווען בערעכטיגט צו סאַניטאַריום בענעפיט. אין יאָהר 1915 האָט ער געבראַכט אַ סטייטמענט פון באָארד אָוו העלטה, אַז זיין קראַנקהייט איז פאַרהיילט. יעצט האָט ער זיך ווידער געמאָלדען קראַנק אויף קאָנסאַמפּשאָן. די סאַניט. קאָמ. ענטזאָגט זיך איהם אַריינצונעהמען אין סאַניטאַריום דערפאַר וואָס זיין קראַנקהייט ציהט זיך נאָך פון יאָהר 1911, און דאַן איז ער נאָך ניט געווען קיין מעמבער אַ יאָהר צייט, און לויט דאַמאָלדיגע רולס איז ער ניט געווען בערעכטיגט צום סאַניטאַריום, און פאָלגליך איז ער יעצט אויך ניט בערעכטיגט דערצו. דער בר. אָבער טענה'ט אַז ווי באַלד אין יאָהר 1915 האָט מען געבראַכט אַ סטייטמענט פון די באָארד אָוו העלטה אַז זיין קראַנקהייט איז אויסגעהיילט, דאַרף ער זיך רעכענען אַז ער מעלדעט זיך יעצט קראַנק אויף קאָנסאַמפּשאָן און ער איז בערעכטיגט צו סאַניט. בענעפיט.

2) פון די מאָנטרעאָל קענעדער ברענטשעס: פערלאַנגען אַז זיי זאָלען קענען צאָהלען אין דזשענעראַל אָפיס מיט קענעדער דאָלאַרס (דער קורס פון קענעדער דאָלאַר איז יעצט געפאַלען), כדי ברענטשעס אין קענעדע זאָלען ניט רואינירט ווערען.

3) אַן אַפּיעל פון י. שלאַטער, מעמבער בר. 79 אַ. ר. געגען דער נאַצ. גריוועגס קאָמ. און אַרויפלייגען אויף איהם אַ שטראָף און צונעהמען פון איהם דאָס וואָרט ביי די מיטינגען אויף אַ יאָהר צייט דערפאַר, וואָס ער האָט איבערטראָגען די פּרינציפּען פון אַ. ר. אין עלעקשאָן טאָג.

4) אַן אַפּיעל פון בר. 600 געגען דער נאַצ. גריוועגס קאָמ., און אַרונטערנעמען די שטראָף וואָס דער בר. האָט אַרויפגעלייגט אויף דריי מעמבערס, וועלכע זיינען בעשולדיגט געוואָרען אין העלפען צוברעכען דעם לעצטען מילינערי סטרייק.

5) אַן אַפּיעל פון בר. 395 געגען דער נאַצ. גריוועגס קאָמ. און אַרונטערנעהמען די שטראָף וואָס דער בר. האָט אַרויפגעלייגט אויף אַ מעמבער, וועלכער ווערט באַשולדיגט אין אַרבייטען אין אַ צייט פון אַ סטרייק.

6) אַ צושריפט פון דער נאַצ. גריוועגס קאָמ. וואו זיי ערקלערען, אַז דער אַפּיעל פון בר. 395 קענען פון די דירעקטאָרען ניט אויפגענומען ווערען, ווייל עס איז אָנגעקומען נאָך דער צייט ווען אַן אַפּיעל קען געמאַכט ווערען לויט דער קאָנסטיטוציע.

7) אַן אַפּיעל פון געוויזענע מעמבערס פון אויפגעלייזטען בר. 192 פּעטערסאָן געגען דער נאַצ. עקז קאָמ. פאַר אויפלייזען דעם בר. געגען דעם ווילען פון די מעמבערס פון בר.

8) אַן אַפּיעל פון מ. מאָלל, האַרטפאָרד, געגען דער נאַצ. גריוועגס קאָמ., וואו זיי ערקלערען אַז דער אַפּיעל פון פר. מאָלל צו די נ. ב. אַ. ד. קען ניט אויפגענומען ווערען, ווייל דער בר. געגען וועמען דער אַפּיעל צו דער גריוועגס קאָמ. איז געמאַכט געוואָרען, האָט גוטגעהייסען דעם בעשלוס פון דער נאַצ. גריוועגס קאָמ. און קיין אַנדערער אויסער דעם בר. קען ניט אַפּעלירען.

10) אַ צושריפט פון דער נאַצ. עקז. קאָמ., וואו זיי פאַרלאַנגען, אַז די נ. ב. א. ד. זאָלען נאָך אַמאָל פאַרהאַנדלען די אַפּיעלס פון בר. 6 און בר. 155, וואָס זיינען פאַרהאַנדעלט געוואָרען ביים לעצטען צוזאַמענפאָהר פון די דירעקטאָרען, ווייל זיי גלויבען, אַז די דירעקטאָרען זיינען מיסאינפאָרמירט געוואָרען.

11) פון סעק. פון בר. 6, וואו ער לאָזט וויסען די דירעקטאָרען, אַז די נאַצ. עקז. קאָמ. פיהרט ניט אויס דעם באַשלוס פון דער נ. ב. א. ד. בנוגע אַן ענטשיידונג, וואָס איז אַרויסגעגעבען געוואָרען ביים לעצטען צוזאַמענפאָהר וועגען זייערען אַ מעמבער.

12) פון דער נאַצ. בענעפיט קאָמ., וואו זיי לאָזען וויסען, דאָס לויט דער רעקאָמענדאַציע פון דער נ. ב. א. ד. האָבען זיי בעשלאָסען אויסצאָהלען פריינדין ר. ליעז פון בר. 31 די קראַנק. בענעפיט.

13) פון גענ. סעקר. י. באָסקין, וואו ער גיט איבער דעם פאַרלאַנג פון דער נאַצ. עקז. קאָמ., אַז דער צווייטער האַלב־יעהרליכער צוזאַמענפאָהר פון די דירעקטאָרען זאָל אָבגעלייגט ווערען אויף אַ וואָך צייט.

בענענסאָן, אילינאָיז, שלאָגט פאָר, אַז דער מאָלל אַפּיעל זאָל פאַרהאַנדעלט ווערען ביים אָנפאַנג פון דער צווייטער זיצונג, און אויב די איינוועדונג פון דער נאַצ. גריוועגס קאָמ. וועט פון די דירעקטאָרען ניט אָנגענומען ווערען זאָל פר. מאָלל אַרויסגערופען ווערען לויט זיין פאַרלאַנג אויף שבת פריה דעם 10טען יולי, צו פּרעזענטירען זיינע אַרגומענטען. איינשטימיג אָנגענומען.

לין, קוויבעק, שלאָגט פאָר, אַז די ברענטשעס 369 און 600 זאָלען געלאָזט וויסען ווערען, אַז זייערע אַפּיעלס וועלען אויפגענומען ווערען אויף דער פרייטאג נאָכמיטאג זיצונג דעם 9טען יולי, און דאָס זייערע פאַרטרעטער זאָלען דאַן אַנוועזענד זיין. — דורכגעגאַנגען.

אַרקין, פּענסילווייניא, שטעלט אַן אָנפראַגע: דירך אַ צופאַל האָט ער זיך דערוואוסט, אַז וויניצקי, דירעקטאָר פון אָהייאָ, וואוינט ניט מעהר אין קליוולענד, נאָר אין אַטלאַנטיק סיטי, נ. דזש., און לויט דער קאָנסטיטוציע פון אַ. ר. מוז יעדער דירעקטאָר וואוינען אין דעם סטייט וועלכען ער פאַרטרעט, און ער פאַרלאַנגט, אַז וויניצקי

זאָל ערקלערען אויב דער קלאַנג איז אַ ריכטיגער.

וויניצקי, אָהייאָ, ערקלערט אַז ער געפינט זיך צייטווייליג אין אַטלאַנטיק סיטי. זיין וואוינונג און פאַמיליע געפינט זיך אָבער אין קליוולאַנד, און דעריבער קען ער לויט דער קאָנסטיטוציאָן יא פאַרטרעטען אָהייאָ סטייט.

*   *   *

צווייטע זיצונג, דאָנערשטאג נאָכמיטאג, מיט ס. לין, קוויבעק, אַלס פאָרזיצענדער.

רייס, קאָנעקטיקוט, שלאָגט פאָר, אַז צוויי טעלעגראַמעס זאָלען געשיקט ווערען צו די דירעקטאָרען פון מערילענד און אָנטאַריא, אויסצוגעפינען די אורזאַכע וואָרום זיי זיינען אַבוועזענד צו דעם צוזאַמענפאָהר. — אָנגענומען.

עס ווערט פאַרהאַנדעלט דער „מאָלל“ אַפיעל. נאָך אַ לענגערער דעבאַטע ווערט אָנגענומען מיט 11 געגען 1 דער פאָרשלאַג פון ארקין און בעצאהלער, אַז ס'זאָל דעם אַפּיעל אויסהערען.

## קאָנווענשאַן בעריכט

ל. בענענסאָן, דעלעגאַט פון די נ. ב. א. ד. צו דער לעצטער קאָנווענשאַן, גיט אַפּ אַן אינטערעסאַנטען און לעבעדיגען באַריכט וועגען דער קאָנווענשאַן, און אַם ענדע באַריכטעט ער אויך, אַז ער איז ערשיענען פאַר די פאַרשידענע קאָנווענשאַן קאָמיטעס, וואו ער האָט נאָר געהאַט אַ שליחות פון די נ. ב. א. ד. די קאָנווענשאַן האָט גוטגעהייסען אַלע בעשליסע, אויסער דעם באַשלוס פון בר. 6, ווייל די גריסען ווענס קאַם. וואָס האָט באַקעמפּט די נ. ב. א. ד. אין דעם אַפּיעל, האָט געקענט אַפּעלירען צו די סענטימענטען פון די דעלעגאַטען, און די קאָנווענשאַן האָט באַשלאָסען, אַז די נ. ב. א. ד. זאָל נאָך אַ מאָל איבערקוקען דעם אַפּיעל. די עקז. קאָמ. האָט שטאַרק באַקעמפּט דעם פאָרלאַנג, אַז די דירעקטאָרען זאָלען באַזוכען די סטייטס, און אָבגעבען דאָרט באַריכטען.

עס ווערען געשטעלט פראַגען:

שערמאַן, ראָוד איילענד: וואָרום האָט זיך עפּעס דער אינשורענס קאָמישיאָנער יעצט געכאַפּט וועגען די פּרינציפּען־ערקלערונגען?

בעצאהלער, נויאָרק, דענקט דאָס די אורזאַכע פאַר וואָס די קאָנווענשאַן האָט ניט גוטגעהייסען דעם באַשלוס אויף דעם אַפּיעל פון בר. 6, איז געווען וואָס דער דעלעגאַט איז ניט געווען באַקאַנט מיט די אַלע פאַקטען פון דעם אַפּיעל.

בענענסאָן ענטפערט: דער דער אינשורענס קאָמישיאָנער האָט היינטיגס יאָהר געלעזען אונזער קאָנסטיטושאָן, אויך דעם פּונקט דאָס מען קען אויסשליסען אַ מיטגליעד פאַר איבערטרעטען די פּרינציפּען פון אַ. ר., און דעריבער פאָדערט ער, דאָס מען זאָל איהם צושטעלען אַ קאָפּיע פון די פּרינציפּען־ערקלערונגען. וואָס אַנבעלאַנגט די קריטיק פון בעצאהלער האָט ער שוין באַריכטעט דאָס ער האָט די פאַקטען ניט געהאַט פאַר זיך, דערפאַר וואָס דער „פריינד“ איז ערשיענען נאָכדעם ווי ער האָט שוין זיין באַריכט געהאַט אָפּגעגעבען.

פר. בענענסאָן ווערט באַדאַנקט פאַר זיין אַרבייט.

## בעריכט פון דער סאַניטאַריום באַזוך־קאָמיטע

פר. לין, נ. דזש., באַדויערט וואָס ער האָט ניט געקענט זיין צוזאַמען מיט די אַנדערע צוויי דירעקטאָרען אין דער זעלבער צייט. צווישען איינציגע באַמערקונגען וואָס ער מאַכט וועגען דעם אויסערליכען אויסזעהן פון סאַניטאַריום, ווייזט ער אויך אָן, אַז די ליענטום זיינען אויפ'ן באַרג און דאָס מאַכט פאַר די פּאַציענטען שווער צו געהן צו זייערע מאַלצייטען, וועהרענד די דאָקטוירים ערקלערען, אַז דאַנ וואָס די ליענטום זיינען מיט אַ הונדערט פוס העכער ענדערט דעם קלימאַט גאַנץ ווייניג.

זעהר אַ גוטען איינדרוק האָט אויף איהם געמאַכט דער לייק.

ער האָט געפונען אַז איינציגע זאַכען פעהלען אין סאַניטאַריום, ווי. צ.ום ביישפּיעל איינציגע „ראָקינג טשערס“, וואָס וואָלטען געווען זעהר נוצליך פאַר די פּאַציענטען. ער האָט אויך געפונען שטויב אויף די טישען פון דער לייברערי. די רעקאָרדס פון דער וויקטראָלאַ זיינען געהאַלטען געוואָרען שמוציג, און אויך דאָס די באָד איז ניט אויף דעם ריכטיגען פּלאַץ.

ער האָט בייגעוואוינט דעם קאָנצערט וואָס איז געגעבען געוואָרען אין סאַניטאַריום מיט יאָסעלע ראָזענבלאַט, און דאָס האָט אויף איהם געמאַכט זעהר אַ שלעכטען איינדרוק. מען שפּאַרט צוזאַמען אַן עולם פון אַרום 5 טויזענד מענשען — געזונטע צוזאַמען מיט קראַנקע — און די פּאַציענטען פאַרברענגען די עטליכע שטונדען פון קאָנצערט צוזאַמענגעדריקט. דער שטויב פון די אַטמאָספער וואָס קומען צופאָהרען מיט זייטיגע צושויער צו די קאָנצערטען טוט די פּאַציענטען קיין גוטעס ניט. ער רעקאָמענדירט אַז די קאָנצערטען זאָלען געמאַכט ווערען בלויז פאַר די פּאַציענטען, און ניט אַדווערטייזען דאָס פאַר'ן זייטיגען עולם.

ער דריקט אויס אַ דאַנק צו דר. פיש ווייל ער פאַרשטעהט דעם סאַניטאַריום זעהר גרינטליך און ווייס ווי צו פאַרוואַלטען.

רייס, קאָנעקטיקוט, באַריכטעט: ער צוזאַמען מיט פר. דייוויס, פון ווירדזשיניא, האָבען פאַרבראַכט עטליכע טעג אין סאַניטאַריום. ער דריקט אויס דעם באַדויערען וואָס דר. פיש פאַרלאָזט דעם סאַניטאַריום, און אויב עס איז דאָ אַ מעגליכקייט צו ווירקען אויף דר. פיש אַז ער זאָל פאַרבלייבען זאָל מען דאָס טאָן, ווייל דעם יאָהר וואָס ער איז געווען אין סאַניטאַריום איז קיין טראַבעל דאָרט ניט פאָרגעקומען.

ער האָט גערעדט מיט פיעלע פּאַציענטען, און זיי קרענקט זעהר שטאַרק דאָס וואָס מען רעדט פון „טראַבעל“, וואָס איז פאָרגעקומען אין סאַניטאַריום מיט אַ יאָהר צוריק. כמעט אַלע פּאַציענטען האָבען זיך שוין דורך דער צייט געביטען, און ווען מען רעדט פון טראַבעל אין סאַניטאַריום מאַכט מען דעם איינדרוק אַז די יעצטיגע פּאַציענטען מאַכען אָן צרות. זיי האָפען אַז דער שוואַרצער פלעק אויף זיי וועט אָפּגעווישט ווערען.

דאָס וואָס עס איז ניטאָ קיין שטרענגע אויפפּאַסונג אויף די באַזוך־שטונדען איז זעהר אַ גרויסער חסרון. עס קומען צופאָהרען מענשען אָנקוקען דעם סאַניטאַריום, און פיעלע מאַכען די פּאַציענטען פיהלען זעהר שלעכט, מיט דעם וואָס זיי קוקען אַריין אין פּנים און דריקען אויס אַ געוויסען באַדויערען, וואָס זיי מוזען „נעבאַך“ זיין אין אַ סאַניטאַריום. די פּאַציענטען האָבען זיך זעהר שטאַרק באַקלאָגט דאַרויף. ער גלויבט דאָס מען זאָל מאַכען אַ טויער אין אַריינגאַנג און בלויז עטליכע שטונדען אין טאָג זאָלען באַזוכערס קענען אַריינגעהן.

ער ווייזט אָן אַז עס פעהלט פאַר די קראַנקע אַ רעקריאיישאָן־רום, און אַז דער לייברעריאַן בעט נאָך ביכער פאַר דער לייברערי. אין אַלגעמיין האָט אויף איהם דער סאַניטאַריום געמאַכט זעהר אַ שטאַרקען איינדרוק.

דייוויס, ווירדזשיניא: זעצט אויס אין דעם רעפּאָרט, בלויז וואָס די בעדער זיינען ניט געמאַכט געוואָרען אין פּלאַץ, און פיעלע פּאַציענטען דאַרפען פיעלע מאָל שטעהן אין דער רייהע נאַקעט, און אַנדערע קריגען דערפון אַ קאַלט.

די פּאַציענטען זיינען זעהר צופרידען, וואָס די דירעקטאָרען שיקען קאָמיטעס אין סאַניטאַריום. ער דאַנקט די נ. ב. א. ד. פאַר געבען איהם די געלעגענהייט צו באַזוכען דעם סאַניטאַריום.

שייער, מינעסאָטאַ, שלאָגט פאָר, אַז ביי דער לעצטער זיצונג פון דעם צוזאַמענפאָהר זאָל פאָרגענומען ווערען די רעקאָמענדיישאָנס פון דער קאָמיטע. דורכגעגאַנגען.

וויניצקי, אָהייאָ, פרעגט צי איז ריכטיג די קלאַנגען אַז דער דאָקטאָר פאַרלאָזט דעם סאַניטאַריום דערפאַר וואָס ער קען ניט אויסקומען מיט דער סאַניטאַריום קאָמיטע?

רייס ענטפערט, אַז די קלאַנגען זיינען ניט קיין ריכטיגע, ווייל דער דאָקטאָר לייקענט דאָס ענטשיעדען אָפּ.

די קאָמיטע ווערט בעדאַנקט פאַר זייער רעפּאָרט.

*   *   *

פר. י. ב. ביילין, רעדאַקטאָר פון „פריינד“, גיט אַן אויספירליכען באַריכט וועגען אונזער מאָנאַטליכען זשורנאַל. צווישען אַנדערע זאַכען באַמערקט ער אַז די הויפּט אורזאַכען פאַרוואָס דער „פריינד“ איז לעצטענס ניט ערשיענען רעגולער זיינען געווען דער פּרעס־סטרייק און די פּאַפּיר סיטואַציע. דער פּרייז פון פּאַפּיר איז געשטיגען פון $3\frac{1}{2}$ סענט אַ פונט צו העכער 16 סענט, און דאָס פּאַפּיר אַליין איז אַזוי פיעל שלעכט, אַז עס געהט אַוועק אין ניוועץ איבער1000 פונט מעהר ווי פריהער. מיר זיינען איצט שוין פאַר אַ געוויסע צייט באַזאָרגט מיט פּאַפּיר און אויב עס וועלען ניט זיין קיין אַנדערע מניעות וועט פון יעצט אָן דער „פריינד“ ערשיינען רעגולער.

אַזאַ זשורנאַל ווי דער „פריינד“ ווען ער זאָל אַרויסגעגעבען ווערען פון אַ פּריוואַטער קאָמפּאַניע וואָלט געקאָסט אַרום 15 סענט אַ קאָפּיע. די מעמבערס פון אַ. ר., זאָגאַר ווען דער רעפערענדום צו העכערען דעם „פריינד“ פאָנד וועט דורכגעהן, וועלען צאָהלען דערפאַר בלויז $4\frac{1}{2}$ סענט אַ קאָפּיע. יעצט קאָסט ער אַן אַ. ר. מיטגליעד ווייניגער ווי דריי סענט אַ נומער.

די אַדרעסען ווערען בסדר קאָרעגירט און כמעט אַלע מעמבערס דאַרפען יעצט קריגען דעם „פריינד“ רעגעלמעסיג. אין די גרויסע שטעדט אָבער, וואו עס וואוינען פיעלע מענשען אין איין הויז, און די בריעף־טרעגער פוילען זיך אַרויפצוטראָגען די צייטונגען צו יעדען, וואַרפען זיי דאָס אַריין אין אַריינגאַנג, און ווער עס וויל קען דאָס צונעמען. די צרה קען דערווייל ניט פאַרמידען ווערען.

עס ווערען געמאַכט פּלענער, ווי צו פאַרגרעסערען און פאַררייכערען דעם אינהאַלט פון „פריינד“, אויב דער פאַרגרעסערטער טעקס וועט דורכגעהן, אַז עס זאָל ווירקליך זיין אַ שטאָלץ פאַר דעם אַ. ר. צו האָבען אַזאַ זשורנאַל.

ארקין, פּענסילוויניא, דריקט אויס אונצופרידענהייט מיט דעם וואָס די פּראָטאָקאָלען פון די עקזעקוטיוו מיטינגען, און נ. ב. א. ד. צוזאַמענפאָהרען, ווערען געדרוקט אין אַזעלכע קליינע בוכשטאַבען, וואָס עס איז שווער צו לעזען. ער מאַכט אויך אויפמערקזאַם דעם רעדאַקטאָר אַז עס איז ניט ריכטיג פון זיין זייט צו איבעראַנדערשען אַ געדאַנק אין די פּראָטאָקאָלען פון די נ. ב. א. ד. וואָס איז באַריכטעט געוואָרען צו די נ. ב. א. ד. ביים לעצטען צוזאַמענפאָהר פון אַ געוויסער קאָמיטע, און וואָס דער רעדאַקטאָר זאָגט אַז אַזעלכעס האָט גאָר ניט פּאַסירט. ממה נפשך: אויב עס האָט ווירקליך ניט פּאַסירט האָט דאָס געדאַרפט געדרוקט זיין, און זאָל נאָך אַמאָל די קאָמיטע זיין פאָרזיכטיגער מיט די ווערטער אין זייערע רעפּאָרטס. אויב עס האָט יאָ פּאַסירט, טו וואָרום זאָל מען פאַרבעהאַלטען די אמת'ע פאַקטען פון די מעמבערס?

**בעצאהלער, נויאָרק, גלויבט אַז דער רעדאַקטאָר איז גערעכט גע־**

ווען אין אַרויסגעמען אַ געוויסען אויסדרוק פון אַ קאָמיטע רעפּאָרט, אויב ער דענקט, אַז דאָס קען קיין גוטעס דעם אַ. ר. ניט טאָן.

שייער, מינעסאָטאַ: אין פּרינציפּ איז אַרקין גערעכט, נאָר צוליעב שלום וועגען, ווען דאָס איז שוין געטאָן געוואָרען, איז פאַרפאַלען.

שערמאַן, ראָוד איילאַנד: וועט דער „פריינד" יעצט אַרויסגעהן רעגעלמעסיג?

בענענסאָן, איליגאָיז: ווארום זיינען אייניגע אַרטיקלען, וואָס ערשיינען אין „פריינד", ניט געשריבען פּאָפּולער גענוג?

רובין, וויסקאָנסין: ווי קומט עס וואָס אַנדערע אָרגאַניזאַציאָנען האָבען גענוג פּאַפּיער, און דער אַ. ר. ניט?

דייוויס, ווירדזשיניא: פאַרוואָס קריגען געשטאָרבענע מעמבערס דעם „פריינד"?

פר. בוילין ענטפערט:

אין די קומענדע נומערען „פריינד" וועלען די באַריכטען זיין געדרוקט מיט גרעסערע בוכשטאַבען. ער האָט ניט געדרוקט די באַמערקונג וועגען וועלכער אַרקין האָט אויפמערקזאַם געמאַכט ווייל ער ווייס אַז דאָ איז פאָרגעקומען אַ מיספאַרשטענדניס אין דעם באַריכט. די שפּראַך פון די אַרטיקלען אין „פריינד" איז גאַנץ פּאָפּולער, כאָטש אַנדערע זאַכען ווערען געשריבען אויף אַ פּאָעטישער שפּראַך. צרות פון דער פּאַפּיער סיטואַציע האָבען געהאַט אַלע אָרגאַניזאַציאָנען, און אפילו גרויסע טעגליכע צייטונגען, וואָס האָבען לאַנג־טערמיניגע קאָנטראַקטען. קיין עקספּעדיציע פון אַ צייטונג אָדער זשורנאַל, ספּעציעל מיט אַזאַ גרויסער צירקולאַציע ווי אונזערע, איז ניט פריי פון טעות'ן. עס טרעפט אויך, אַז געשטאָרבענע קריגען, אויב דער סעקרעטער שרייבט נישט באַזונדער אונזער דעפּאַרטמענט וועגען דעם.

עס קומען נאָך אונז אַן פיעלע בריעף פון די מעמבערס וואָס ליבען דעם „פריינד"; די אַרטיקלען וואָס ווערען געדרוקט אין „פריינד" ערשיינען ניט גלאַט צופעליג, נאָר ווערען געפּלאַנט פאַראויס, אַזוי דאָס אין יעדען נומער זיינען פאַראַן אַרטיקלען פון אַ פאַרשידענאַרטיגען כאַראַקטער.

פר. י. ב. בוילין ווערט באַדאַנקט פאַר זיין רעפּאָרט. דערמיט שליסט זיך די צווייטע זיצונג.

* * *

דריטע זיצונג, פרייטאָג דעם 9טען יולי, 9.30 מאָרגענס. ה. שייער, מינעסאָטאַ, פאָרזיצענדער. פר. יאַקאָבי, טשערמאַן פון דער בענעפיט קאָם. באַריכטעט: די קאָמ. האָט זיך אינסטאַלירט מיט אַ פּאָר וואָכען צוריק. זיי האָבען ווייניג געקענט אויפטאָן. זיי האָבען באַשלאָסען אויסצאָהלען אויף דעם פאַרלאַנג פון דער נ. ב. אַ. ד. די בענעפיט צו ר. ליעז, בר. 31. דער אַפּיעל האָט זיך שוין געצויגען אַריבער צוויי יאָהר.

דער אָפיס האַלט יעצט אין אויסמאַכען אַ טאַבעלע ווי פיעל יעדער ברענטש נעמט בענעפיט, און אויך צי זיי ציהען אַרויס מעהר פאַר קראַנקען בענעפיט אין אַ קוואַרטאַל, ווי זיי צאָהלען איין. אויף די בילס, וואָס ווערען געשיקט צו די מעמבערס, זאָל אויך זיין דעם האָספּיטאַלערס אַדרעס, כדי די מעמבערס זאָלען וויסען צו וועמען זיך קראַנק צו מעלדען. די סאָלדאַטען, וועלכע זיינען געווען קראַנק אין פראַנקרייך אין דער צייט פון שלאַכט, וועלען קריגען אויסגעצאָהלט זייערע בענעפיטס. לעצטענס איז געווען טראַבעל מיט אייניגע ברענטשעס מיט די קראַנקען סערטיפיקייטס, איבערהויפּט איז דאָס פאָרגעקומען מיט בר. 15 דעטרויט. די האָקטאָר־אַטעסטען זיינען ניט געווען גוט אויסגעפילט. ער בעט אַז די ברענטשעס זאָלען אַנשטעלען קאָמפּעטענטע האָספּיטעלערס.

בר. 82 האָט אַפּעלירט געגען זייערען אַ באַשלוס צו דער גריוועגס קאָמיטע. אַ מעמבער פון דעם בר. האָט זיך געמאָלדען קראַנק פאַר ראש השנה. יום טוב איז דער מעמבער געגאַנגען אין שול. ווען די קאָמיטע איז איהם געקומען באַזוכען האָבען זיי איהם ניט געפונען אין הויז. דער בר. האָט באַשלאָסען ניט אויסצוצאָהלען קיין בענעפיט, ווייל ער האָט ניט אויסגעפאָלגט די אָרדערס פון דאָקטאָר. דער מעמבער האָט אַפּעלירט צו דער בענעפיט קאָמ. און זיי האָבען באַשלאָסען איהם אויסצוצאָהלען דעם בענעפיט רעכענענדיג זיך מיט דעם רעליגיעזען געפיהל פון מעמבער. דער בר. האָט אַפּעלירט געגען דעם באַשלוס.

עס ווערען געשטעלט פראַגען.

שולמאַן, מעין: מיט וואָס וועט די בענעפיט קאָמ. פאַרהיטען, אַז די ברענטשעס זאָלען ניט נעמען צו פיעל בענעפיט?

בענענסאָן, איליגאָיז: וויפיעל איז יעצט דער סורפּלוס פון קראַנקען בענעפיט פאָנד?

דאַקסער, מישיגען: איז דער טראַבעל אין בר. 156 מיט די קראַנקען אַטעסטען ניט פאָרגעקומען ווען עס איז געווען די אינפלוענציא מגפה?

רובין, וויסקאָנסין: קען מען העכערען דעם קראַנקען בענעפיט פאָנד?

פר. יאַקאָבי ענטפערט:

מען קען אַכטונג געבען אויף אַ ברענטש ווען ער ציהט צו פיעל קראַנקען בענעפיט, מיט דעם וואָס מען מאַכט זיי אויפמערקזאַם דאַרויף און זיי אַליין נעמען אָן אַ שטרענגען קאָנטראָל. דער סורפּלוס פון קראַנקען פאָנד איז יעצט אַרום 50 טויזענד דאָלאַר. דער טראַבעל אין בר. 156 איז פאָרגעקומען לעצטענס, און ניט אין דער צייט פון דער „פלו". מען קען יעצט ניט העכערען דעם קראַנקען בענעפיט צוליעב מאַנכע סטייט, וואו מען פּרואווט צו קריגען אַ טשאַרטער.

דער רעפּאָרט ווערט אָנגענומען און פר. יאַקאָבי ווערט באַדאַנקט.

---

פר. יעפים ישורון, נאַציאָנאַלער טשערמאַן, גיט אָפּ זיין באַריכט.

צוערשט באַגריסט ער די דירעקטאָרען אין דעם נאָמען פון דער ניי־ערוועהלטער קאָמיטע. ער דייטעט אָן דעם פאַקט, אַז אַמאָל איז פאָרגעקומען גרויסע צווייסטיגקייטען צווישען דער עקזעקוטיווע און דער נ. ב. אַ. ד. ער האָפט, אַז דעם יאָהר וועלען קיינע סכסוכים ניט פאָרקומען.

ער געהט דאַן איבער צו זיין באַריכט:

„די עקזעקוטיווע האָט זיך אינסטאַלירט מיט בלויז אייניגע וואָכען צוריק. פיעל האָט זי ניט געקענט אויפטאָן, קיין ממשות'דיגע אַרבייט קען מען נאָך ניט זעהן, זי האָט זיך אָבער גלייך געשטעלט צו דער אַרבייט צו אָרגאַניזירען צוויי גרויסע קעמפּיינס, 1) פאַר אַ הונדערט־טויזענד מעמבערשיפּ קאַמפּיין, און 2) פאַר 75 טויזענד דאָלאַר פאַר די מלחמה קרבנות.

דער קאַמפּיין פאַר 100 טויזענד מעמבערס קען זיין! אַן ערפאָלג, אויב די דירעקטאָרען וועלען געבען די נויטיגע הילף אין זייערע סטייטס. וואָס אַנבעלאַנגט דעם צווייטען קאַמפּיין, טראָץ דעם וואָס די לאַנדסליוט פעראיינען זאַמלען געלט זעלבסטשטענדיג פאַר זייערע געבורטס־שטעדט, האָפט מען דאָך צו זאַמלען 75 טויזענד דאָלאַר דעם יאָהר. אין דער קורצער צייט זינט דער אינסטאַלעישאָן איז שוין אַריינגעקומען אין אָפיס אַרום 10 טויזענד דאָלאַר. לעצטען יאָהר האָט מען זיך געשטעלט די סומע פון 50 טויזענד, און מען האָט געזאַמעלט מיט 10 טויזענד דאָלאַר מעהר. דעם יאָהר האָפט מען אויך דאָס זעלבע.

אין דער קורצער צייט זינט די אינסטאַלעישאָן האָט די עקזעקוטיווע אַרויסגעזאָגט איהר שטאַרקען וואָרט אין פיעלע געזעלשאַפטליכע פראַגען.

אין מאָנאַט מאַי איז אָבגעהאַלטען געוואָרען דער אידישער קאָנגרעס. די עקזעקוטיווע האָט זיך ענטזאָגט צו שיקען דאָרט אַ דעלעגאַט, ווייל דער גאַנצער אידישער קאָנגרעס איז איהר ניט געווען צום האַרצען. מען האָט אָבער צום ערשטען מאָל געשיקט אַ דעלעגאַט צום קאָנגרעס, ווייל עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען פאָדערען גלייכבאַרעכטיגונג פאַר אידען אין אַלע לענדער. דער יעצטיגער קאָנגרעס איז צוזאַמענגערופען געוואָרען בלויז צו אויסהערען דעם באַריכט פון דער קאָמיטע, וואָס איז ערוועהלט געוואָרען צו פאָהרען צום שלום־קאָנפערענץ און די עקזעקוטיווע האָט ניט געפונען פאַר וויכטיג צו שיקען דאָרט אַ דעלעגאַט. אייניגע האָבען געוואָלט דאָס מאַכען פאַר אַ פּערמאַנענטע אָרגאַניזאַציאָן. זיי האָט זיך דאָס אָבער ניט איינגעגעבען. די עקזעקוטיווע האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציאָן, ערקלערענדיג די אורזאַכען ווארום דער אַ. ר. נעמט ניט קיין אנטייל אין קאָנגרעס.

אין דער אַרבייטער וועלט קריגען מיר אונזער פולע אנערקענונג. מיר זיינען איינגעלאַדען געוואָרען צו דער סאָצ. פּאַרטיי קאָנווענשאָן, וואו מיר האָבען געשיקט גענ. י. ב. בוילין אַלס דעלעגאַט, אויך צו דער אידישער סאָצ. פעדעראַציע וואו גענ. י. באַסקין האָט אונז פאַרטראָטען.

מיר האָבען געשיקט אַ באַגריסונגס־טעלעגראַמע צו די סטרייקענדע פאַריערס, און האָבען אויך געשיקט דעלעגאַטען צו דער „הירינג" פאַר דעם גאָווערנאָר, אַז ער זאָל וויטאָאירען די געזעצען, וואָס די לעצטע לעדזשיסלאַטור האָט אָנגענומען געגען פרייע רעדע און פרייע פּרעסע. אויך האָט די עקזעקוטיווע אָנגענומען פּאַסענדע רעזאָלוציאָנען געגען די געזעצען און מיט פרייד און שטאָלץ קען מען יעצט איבערגעבען, אַז דער אַ. ר. האָט געהאָלפען מאַכען דעם דרוק אויף דעם גאָווערנאָר שטאַרקער, אַז ער זאָל וועטאָאירען די געזעצען.

עס איז אָבגעהאַלטען געוואָרען אַ ספּעציעלער מיטינג פון דער עקזעקוטיווע וועגען דער נייער פּרינציפּען־ערקלערונג, וואָס געהט יעצט צו די מעמבערס פאַר אַ רעפערענדום. אייניגע האָבען זיך אויסגעדריקט גאַנץ שאַרף געגען צוויי עקזעקוטיוו קאָמיטע ליוט, מיט אַרויסגעהן אין דער „נייער וועלט" אין אַן אַטאַקע געגען דער פּרינציפּען־ערקלערונג, וויסענדיג אַז דער צווייטער צד האָט ניט די מעגליכקייט זיי צו ענטפערען... קיין שטעלונג האָט מען אָבער ניט גענומען. עס ווערען געמאַכט פאַרבאַרייטונגען, אַז די קענעדער ברענטשעס זאָלען צאָהלען זייערע בילס צו אַ קענעדער באַנק אויף דעם נאָמען פון אַ. ר. אום די קענעדער ברענטשעס זאָלען ניט דאַרפען דערלייגען געלט צוליב דעם, וואָס דער קורס פון די קענעדער געלט איז יעצט געפאַלען.

עס איז אַריינגעקומען אַ פאַרלאַנג פון אייניגע שטעט אין קאַנאַדאַ, צו האָבען דאָרט די קומענדע קאָנווענשאָן, מ'האָט אָבער באַשלאָסען אָפּצוּוואַרטען ביז מאָנאַט אָקטאָבער, ווייל עס איז פאַראַן אַ מעגליכקייט צו ווערען געזעצליך אין מאַסס. סטייט ביז יענער צייט, און דאַן וועט מען קענען אָפּהאַלטען די קומענדע קאָנווענשאָן אין באָסטאָן.

אין סאַניטאַריום איז יעצט אַלעס אין בעסטען אָרדנונג. צום בעדויערען פאַרלאָזט יעצט דר. פיש דעם סאַניטאַריום. זיין פּלאַץ פאַר־

נומם דאָקטאָר אַנטאָנאָווסקי פון ליבערטי, וועלכער האָט שוין אַ גרויסע פּראַקטיקע אויף טובערקולאָזיס.

עס איז אָרויפגעלייגט געוואָרען אַ ספּעציעלער טעקס פון 20 סענט פאַר׳ן אַדמיניסטריישאָן פאָנד, אין וועלכען עס איז פאַראַן אַ דעפּאָזיט פון 10 טויזענד דאָלאַר. די אינשורענס קאָמישאָנערס גליי־בען זעהר ניט אַז עס זאָל זיין אַ דעפּאָזיט אין אַ געוויסען פאָנד.

צוליעב אַ געוויסען טעות איז אויסגעלאָזען געוואָרען די העכע־רונג פון קאָנווענשאָן פאָנד, וועלכער איז יעצט 7 סענט אַ קוואָרטאַל, און אין וועלכען עס איז אויך פאַראַן אַ גרויסער דעפּאָזיט.

ביי דעם עקז. קאָמיטע מיטינג איז די רעדאַקציע פון „פריינד“ קריטיקירט געוואָרען, פאַר אַן אַרטיקעל וואָס איז ערשינען פון י. לעווין, וואו די פאַרוואַלטער און די דעלעגאַטען צו דער לעצטער קאָנ־וועַנשאָן זיינען אַנגעגריפען געוואָרען.

ער ענדיגט דערמיט וואָס די עקזעקוטיווע ווענדעט אָן אַלע מיט־לען צו ווערען געזעצליך אין אַלע סטייטס. ביז יעצט איז מען שוין געזעצליך אין 29 סטייטס. לעצטענס האָט מען געקראָגען אַ טשאַרטער אין קענזעס סטייט, אויך אַ דאָמיניאָן טשאַרטער פאַר קענעדע. צו ווערען געזעצליך אין מאַססאַטשוזעטס סטייט אַרבייט מען זעהר שטאַרק. עס זיינען פאַראַן גוטע האָפענונגען מיט דעם וואָס די לעגיסלאַטור האָט צוריקגעצויגען דעם געזעץ דאָס מען מוז האָבען פראַטערנאַל ריטעס אויך אויף קראַנקען בענעפיט.

עס ווערען געשטעלט פראַגען, און עס ענטוויקעלט זיך אַן אַל־געמיינע דיסקוסיאָן וועגען דער אַרבייט פון דער עקזעקוטיווע.

ארקין, פענסילוועניא, קריטיקירט שטאַרק די האַנדלונג פון דער עקזעקוטיווע בנוגע דעם אידישען קאָנגרעס. ער דריקט אויס דעם געדאַנק אַז די צייטען וואו מען פלעגט דענקען, אַז צו זיין אַ גוטער סאָציאַליסט מוז מען זיין אַ גרויסער אַסימילאַטאָר איז שוין פאַראיבער. יעצט קען אויך פאַסירען אַז אַ גוטער סאָציאַליסט קען אויך זיין אַ גוטער איד. ער גיט אַן איבערבליק אויף דער ניט אויסגעהאַלטענער שטעלונג וואָס די עקזעקוטיווע האָט גענומען צום אידישען קאָנגרעס, וואו מיט אַ יאָהר צוריק האָבען זיי געמוזט געהן צום קאָנגרעס אונטער דעם דרוק פון פאָלק געגען זייער ווילען, נאָכ־דעם ווי זיי האָבען זיך צוריקגעצויגען עטליכע מאָל, און יעצט, נאָכ־

דעם ווי מען האָט אָבגעמאַכט אַז מען זאָל זיך צוזאַמענקומען אויס־הערען דעם רעפּאָרט פון דער קאָמיסיע, האָט מען געפונען פאַר נויטיג זיך ווידער צוריקצוציהען. אַזעלכע האַנדלונגען גיבען קיין כבוד ניט דעם אַ. ר.

ער גלויבט אויך אַז די קוואָטאַ פאַר׳ן רעליעף האָט געדאַרפט זיין 100 טויזענד דאָלאַר. ווען מען זאָל זיך אָנשטרייגען קען מען די סומע צוזאַמענקליבען, און די מאָטאָ פאַר 1920 האָט באַדאַרפט זיין „100 טויזענד מעמבערס, 100 טויזענד דאָלאַר פאַר׳ן רעליעף.“

ריבא, דירעקטאָר פון אָנטאַריא, קומט יעצט אָן.

וויניצקי, אָהייאָ, פרעגט געוויסע איינצעלהייטען וואָס איז שייך דער איינאָרדנונג, ווי די קענעדער ברענטשעס זאָלען מאַכען זייערע איינצאָהלונגען. ער דענקט אויך אַז מאָנאַט אָקטאָבער וועט זיין צו פריה צו באַשליסען וועגען דער קאָנווענשאָן, ווייל עס קאָן מעגליך זיין אַז דער מאַסס. טשאַרטער וועט זיך פאַרציהען לענגער.

שולמאָן, מעין: איז איינפאַרשטאַנען מיט אַרקין׳ס מיינונג וואָס איז שייך דעם אידישען קאָנגרעס. ער גלויבט אויך ניט אַז די רע־דאַקציע דאַרף קריטיקירט ווערען פאַר געוויסע מיינונגען וואָס ווערען אַרויסגעזאָגט אויף די בלעטער פון „פריינד“, ווייל ער גלויבט אין פרייע פרעסע.

בענענסאָן, אילינאָיז: וואָרום האָט יעקב לעווין אין שיקאַגאָ ביי אַ מיטינג פון מעמבערס רעקאָמענדירט, אַז מען זאָל אַרונטער־נעמען דאָס וואָרט „סאָציאַליסטישע“ פון די אַ. ר. שולען?

פר. ישורון ענטפערט:

וועגען די צאָהלונגען פון די קענעדער ברענטשעס ווערען אַלע דעטאַלען אויסגעאַרבייט. וואָס אַנבעלאַנגט דעם אידישען קאָנגרעס, איז דער אַ. ר. געווען די ערשטע אידישע אַרבייטער אָרגאַניזאַציאָן זיך אויסצודריקען געגען דעם. ווען ער וואָלט געווען אין דער עקזע־קוטיוו מיט 2 יאָהר צוריק, וואָלט ער זיכער געקעמפפט געגען אנטייל נעהמען אין אידישען קאָנגרעס.

דער רעפּאָרט ווערט אָנגענומען, און פריינד ישורון ווערט בע־דאַנקט. דערמיט שליסט זיך די דריטע זיצונג.

(שלום אין קומענדען נומער)

## באַריכט פון דער ערשטער סטייט קאָנפערענץ פון א. ר. אין פרעזנא, קאַל., סעפּטעמבער, פ״ט.

טשערמאַן פון דער ערשטער זיצונג איז געווען פ. זיענמאַן, סעק. פ. קאַבליק.

אַ באַגריסונגס טעלעגראַמע ווערט געשיקט צו יודושין וו. דעבס, ווינ־שענדיג איהם אין גיכען צו זיין אין ווייסען הויז.

אויף דער קאָנפ. זיינען פאַרטראָטען 10 דעלעגאַטען פון די 7 ברענטשעס אין קאַליפאָרניא סטייט. עס זיינען אויך פאַרטראָטען 3 דעלעגאַטען מיט באַראַטונגס־רעכט, ה. שעהר, ה. ל. סיימאַנס, ה. קאַבליק.

די צווייטע זיצונג ווערט געעפענט פון פר. לעווית. עס ווערען אָנ־גענומען פאָלגענדע באַשלוסען:

1. דער סלאָגאַן פאַר קאַליפאָרניא זאָל זיין 1300 מיטגלידער ביז׳ן קאָנ־וועַנשאַן.

2. די דיסטריקט קאָמיטעען פון ל. א. און סאַן פראַנציסקא זאָלען אָנ־פיהרען די אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט.

3. די שטעדט און שטעדטלעך צווישען סאַן דיעגאָ און כאָוט אַף פרעזנאָ זאָלען זיין די סאָוטהערן דיסטריקט, און נאָרטה אַף פרעזנאָ זאָל בע־לאַנגען צו די נאָרטהערן דיסט. קאָמ. פון סאַן פראַנציסקאָ, אַריינגעמענדיג פרעזנאָ אויך. נעמענדיג אין אַנבעטראַכט אַז די צוטיילונג פון די דיסטריק־טען ווערט מיט דעם צוגענומען די אויפזיכט פון די לאָס אַנדזשעלאָס דיסטק קאָמ. איבער די נאָרטהערן שטעדט ווי פריסקאָ, אוקלאַנד, פרעזנאָ, און די איבעריגע שטעדטלעך, דערפאַר ווערט רעקאָמענדירט אַז אַ סטייט סעקרעטער זאָל ערוועהלט ווערען וועלכער זאָל אָנהאַלטען געמיינשאַפטליכע פאַרבינדונגען צווישען די „נאָרטה און סאָוטה“, וואָס דאָס איז פּשוט אַ נויטווענדיגקייט פאַר דעם וואוקס פון דעם אַ. ר. אויף די פּאַסיפיק קאָוסט.

דער סטייט סעקרעטער זאָל זיין איינער פון די דיסט. סעקרעטערע פון לאָס אַנדזשעלאָס אָדער פריסקאָ.

אַ סטייט אָרגאַניזאַטאָר זאָל אָנגעשטעלט ווערען פון צייט צו צייט אין בעצאָלט זאָל דער אָרגאַניזאַטאָר באַקומען פון סטייט סעקר.

די דיסט. קאָמיטעען זאָלען האָבען דאָס רעכט אָנצושטעלען ספּעציעלע אָרגאַניזאַטאָרען פאַר זייער דיסט.

די דיסט. קאָמיטעען זאָלען נוצען אַלע מיטלען פאַר אַריינצונעהמען נייע מעמבערס, און פאַרמיידען די אויסשליסונג פון אַלטע מיטגליעדער. אַלע פונקטען ווערען גוטגעהייסען.

עס ווערט פאָרגעשלאָגען אַז דער סעקר. פון די לאָס אַנדזשעלעס סיטי און דיסטריקט קאָמיטע זאָל ווערען ערוועהלט אַלס סטייט סעקר. דער פאָר־שלאָג ווערט איינשטימיג אָנגענומען, און פר. ה. ל. סיימאַנס ווערט ער־קלערט סטייט סעקר. פון דעם אַ. ר. אין קאַליפאָרניא.

די בילדונגס קאָם. רעקאָמענדירט:

די דיסטריקט קאָמיטעען זאָלען אָנפיהרען די אַרבייט, און דער סטייט סעק. זאָל נאָכזוכען לעקטשורערס וועלכע זאָלען קענען בעזוכען יעדען בר. ווייניגער ווי דריי מאָל דורכ׳ן סעזאָן, און אויך אויסנוצען די לאָקאַלע קרעפטען פאַר איינצעלנע און סעריע לעקטשורס.

די דיסט. קאָמיטעען און סטייט סעקר. זאָלען זיין די קערפּערשאַפטען אָנצופיהרען די בילדונגס אַרבייט.. אַלע פונקטען ווערען גוטגעהייסען.

עס ווערט רעקאָמענדירט אַז די דיסט. קאָמיטעען זאָלען אָרגאַניזירען היפּעלס־רעליעף קאָמיטעען אין יעדער שטאָדט און שטעדטעל פון סטייט.

טשערמאַן פון דער נעקסטער זיצונג איז געווען פ.. מאַקאָווסקי..

עס ווערט באַשלאָסען אַז דער קאַליפאָרניא סטייט קאָנפ. זאָל שאַפען מיטלען צו בילדען אַן אַדמיניסטראַציאָנס נעבײַדע אַלע געלדער געשאַפען פאַר דיזען צוועק זאָל איבערגעגעבען ווערען צום סטייט סעקר וועלכער וועט פיגורירען אַלס טרעזשורער. דער גענעראַל אַפּיס זאָל, אויסער איני־דאָרסירען אונזערע אַפּיעלס, אויך אַ ספּעציעלען בריף אַרויסשיקען צו די ברענטשעס פאַר דיזען צוועק. די גען. סאַניט. קאָם. זאָל באַשטימען דעם קור־מענדען סאַניטאַריום טאָג פאַר דעם בענעפיט פון דיזען הויזפאָנד, און זאָל

זעהן אַז אַלע ברענטשעס זאָלען מאַכען אונטערנעמונגען און אַראַנזשירען בענעפיטס פאַר דיזען צוועק.

דיזע סטייט קאָנפערענץ פון קאַליפאָרניא זאָל איבערנעמען די גאַנצע אַרבייט.

עס ווערט רעקאָמענדירט צו די ברענטשעס אַ טעקס פון 10 סענט פער קוואָרטאַל פאַר דעם סטייט פאָנד.

די סטייט קאָנפ. אינדאָרסירט אַלע אידישע קאָאָפּעראַטיווע אונטער־נעמונגען און פאָדערט אויף די אַרב. רינג מיטגלידער פון קאַליפאָרניא סטייט אָנצושליסען זיך אַן דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג.

די סטייט קאָנפ.. פאָדערט אויף אַלע ברענטשעס ווי אויך אינדיווידועלע מעמבערס צו קויפען שערס אין דער קאָאָפּעראַטיווער פרעסע וועלכע האָט זיך געגרינדעט אין לאָס אַנדזשעלעס.

עס ווערט באַשלאָסען אַז דער סטייט סעקר. זאָל אַרויסשיקען אַן אַפּיעל פאַר שטיצע צו די ברענטשעס פאַר דעם רעליעף פאָנד פאַר די עקס־פּאַציענטען פון דעם אַ. ר.

### רעזאָלוציעס.

1. די סטייט קאָנפערענץ באַגריסט מיט פרייד דעם וואוקס און די ענטוויקלונג פון די פּראָגרעסיווע קינדער־שולען אין קאַליפאָרניא, ווי די וויאָלט ווהיטמאַן שולע, פראַנציסקאָ פּערער שולע און ענליכע מאָדערנע שו־לען. די ערציהונג פון אונזער יוגענד אין דעם סאָצ. גייסט איז שטענ־דיג געווען דער אידעאַל פון אַ. ר. דיזער אידעאַל ווערט פון אונז אַלע־מען זעהר הויך געשעצט. מיר האָפען דאָס אַלע אונזערע ברענטשעס און מעמבערס וועלען ערמוטהיגען דיזע נאָבעלע אַרבייט און העלפען די עק־זיסטירענדע מאָדערנע שולען פינאַנציעל און מאָראַליש, און אויך זיך אריינ־וואַרפען אין דער אַרבייט ווי צו גרינדען ענליכע שולען איז אַלע טהיילען פון סטייט וואו נאָר מעגליך. מיר דריקען אויס אונזער הייסעסטען וואונש דאָס די שולען זאָלען געפיהרט ווערען אין דעם גייסט פון אַ. ר., און אויב מעגליך זאָלען די ברענטשעס אַליין איבערנעמען דיזע שולען אָדער בויען אַליין אַ. ר. שולען. 2. די סטייט קאָנפ. דריקט אויס איהר שטאַרקען וואונש פאַר דעם ערפאָלג פון דער סאָצ. פּאַרטיי און איהרע גרויסע קאַמפּען איבער׳ן גאַנצען לאַנד און ספּעציעל דאָ אין קאַליפאָרניא. מיר שיקען איהר אונזער וואַרימען גרוס און פאַרשפּרעכען צו העלפען מיט אַלעם מעג־ליכע צו אָרגאַניזירען די אַרבייטער מאַסען פּאָליטיש און עקאָנאָמיש).

ביידע רעזאָלוציעס איינשטימיג אָנגענומען.

עס ווערט באַשלאָסען אַז אַ צווייטע סטייט קאָנפ. זאָל אָבגעהאַלטען ווערען דעם ערשטען זונטאָג אין סעפּט. 1921.

דער פונקט וועגען פאַרטרעטערשאַפט צו די נאַצ. באָרד און דירעקטאָרס ווערט פאַרגענומען צום פאַרהאַנדלען און נאָך פיעל דיסקוטירען ווערט אָנ־גענומען פאָלגענדע רעזאָלוציאָן:

אין אָנבעטראַכט דאָס די אַ. ר. טהעטיגקייט אין קאַליפאָרניא האָלט זיך אין פאַרשפּרייטען אויף אַ גרויסען מאַסשטאַב און דאָס די אויסזיכטען פון דעם אַ. ר. אין דיזען סטייט זיינען גלענצענדע, זיי עס דאָרום באַ־שלאָסען דאָס די קאַליפאָרניא סטייט קאָנפ. פאָדערט אַז פונקט 10, אַרטיקעל 17 פון דער אַ. ר. קאָנסטיטוציאָן זאָל אַמענדירט ווערען אַזוי דאָס דער סטייט קאַליפאָרניא זאָל קענען שיקען אַ דירעקטאָר אויף די קאָסטען פון גען. אָפּיס פון אַ. ר.

ה. קאָבליק, ה. ל. טיימאַנס, סעקרעטאַריאַט.

### ענטשולדיגונג.

פר. סעם האַכמאַן, פון בר. 140 פּעטערסאָן, נ. דזש., ענטשולדיגט זיך פאַר דעם בר. פאַר באַגעהן אַן אַקט וואָס איז געגען די אינטערעסען פון אַרבייטער קלאַס און אין ווידערשפּרוך מיט די פּרינציפּען פון אַ. ר., אָפּ־רייסענדיג זיך מיט אַ קליינער מינאָריטעט אַרבייטער צו כעטלען אַ סטרייק געגען דעם ווילען און צושטימונג פון דער מאַיאָריטעט אַרבייטער, וואָס זיינען צוזאַמען געווען אין סטרייק. ער פאַרפּליכטעט זיך פון היינט אָן און ווייטער מעהר אַזעלכע פעלערען ניט צו באַגעהן.

פאַר בר. 140 אַ. ר., ה. קאָגיק, סעקר.

# באַריכטען

## יעהרליכער באַריכט פון דער ניו יאָרקער אָרגאַניזאַציאָנס־קאָמיטע א. ר. פאַר 1919—1920.

די ארבייט פון דער נ. י. אָר. קאמיטע איז געוועהנליך פאררעכענט ביי די מעמבערס פון דעם א. ר. אלס די קאמיטע וואס באזוכט „סאסייעטיס" און גרינדעט ברענטשעס, באזוכט ברענטשעס און גלייכט אויס פארשידענע סכסוכים א. אז. וו. אין אמת'ן אבער איז די ארבייט פון דער נ. י. ארג. קאמיטע פיעל גרעסער. די קאמיטע העלפט אויס אלע נאצ. קאמיטעען אין זייער ארבייט, סיי אויף דעם ארגאניזאציאנעלען און סיי אויף דעם געזעלשאפטליכען געביט.

מיר זיינען אינסטאלירט געווארען אין סעפטעמבער, און ווי געוועהנליך האבען מיר געהאט מעהרערע וואקאנסיעס דעם יאהר און מיר האבען געמוזט צוציהען נייע מענשען אויף זייערע פלעצער. עס פארשטעהט זיך אז עס נעמט א מעמבער א שטיקעל צייט ביז ער קאן פארטרעטען אונזער קאמיטע ווי געהעריג. און דאס שטערט אין דער ארבייט. מיר האבען אבער דורכגעפיהרט אונזער ארבייט מיט דעם גרעסטען ערפאלג, ווי איהר וועט באלד זעהן.

גלייך ביי אונזער אינסטאלירונג, האבען מיר אויפגענומען פאלגענדע פראגען:

1) קאמפעין פאר 20 טויזענד נייע מעמבערס צום נעקסטען קאנווענשאן; 50 טויזענד דאלער פאר די מלחמה קרבנות, לויט דעם רוף פון דער נאצ. עקז. 2) ארבייטען פאר אן א. ר. היים. 3) צו העלפען דער סאצ. פארטיי אין איהר קאמפיין. 4) ארבייטען פאר דער א. ר. קאאפעראטיווער בעקעריי.

**אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט.** — מיר האבען דורך דעם יאהר באזוכט 38 סאסייעטיס וואס האבען זיך צו אונז געווענדעט. מיר האבען זיי געגעבען אינפארמאציע און זיך אנגעשטרענגט צו מאכען זיי פאר ברענטשעס. 23 האבען מיר אינסטאלירט אלס ברענטשעס. מאנכע האבען מיר אין גאנצען צוריקגעוויזען אלס נישט פאסיג פאר דעם א. ר. איינינע האלטען מיר אין פארהאנדלען און מיר דענקען זיי אין קורצען צו אינסטאלירען. ווען מיר געהען פארהאנדלען מיט איין „סאסייטי", פראוווען מיר אויסגעפינען אלעס וועגען זיי, און ווען עס ציינט זיך ארויס אז זיי זיינען פאסיג פאר דעם א ר. אינסטאלירען מיר זיי אלס בר., און דארט וואו עס איז עפעס ניט גלאטיג שניידען מיר אפ די ווייטערע פארהאנדלונגען. אין איין פאל האבען מיר זאגאר ארויסגענומען 2 מעמבערס פון איין סאסייטי, ווייל מיר האבען געדענקט אז זיי זיינען ניט פאסיג פאר דעם א. ר.

**סאָצ. פּאַרטיי.** — פאר דעם סאצ. קאמפיין האבען מיר געארבייט אין אלע ברענטשעס, וואס עס איז אנגענומען צו זיין, אגיטירט פאר דער פארטיי זיי זאלען העלפען פינאנציעל און מאראליש, און אונזערע ברענטשעס און מעמבערס האבען זיך גאנץ ווארים אפגערופען.

**נייע ברענטשעס.** — פאלגענדע נייע ברענטשעס האבען מיר אינסטאלירט: אסטראווער יאנג מען (12 אקט.) אלס בר. 536; פרענדס אייד סאסייטי (2 אקט.) אלס בר. 559; מאטאראצען מאכער יוניאן (10 אקט.) אלס בר. 593; קאפינער־פאדאליער (23 נאוו.) אלס 329; מאדערן מינסקער (30 נאוו.) אלס 550; נאשעלסקער (4 יאנ.) אלס בר. 622; אסטראפאלער (9 יאנ.) אלס בר. 621; זאדאוועד (18 יאנ.) אלס 632; קראסנאפאלער (24 יאנ.) אלס בר. 623; פיינטערס יוניאן (25 יאנ.) אלס 630; א. ר. כאר (29 פעבר.) אלס בר. 625; דריססער (10 אפריל) אלס בר. 628; דרילזער יאנג מען (9 אפריל) אלס בר. 634; בענדין סאסנאוויצער (23 אפריל) אלס בר. 639; ליידיס קלוב (25 אפריל) אלס בר. 635; גראדנער (24 אפריל) אלס בר. 637; מאטילער (1 מאי) אלס בר. 561; סעבאשינער (8 מאי) אלס בר. 640; פיעסקער (26 יוני) אלס בר. 634 לינקאלן בר. (1 יולי) אלס בר. 650; מירעל ווילעדזש (10 יולי) אלס בר. 546; לאבאווגער (15 יולי) אלס בר. 645; בעטה בימש (16 יולי) אלס בר. 647.

**ברענטשעס באַזוכט.** — מיר האבען באזוכט 699 ברענטש מיטינגען. ווי געוועהנליך זיינען מאנכע ברענטשעס ניט אין בעסטען צושטאנד; מאנכע, ווייל די מעמבערס נעמען ניט קיין אנטייל אין דער ארבייט, טראצדעם וואס זיי באצאלען זייערע בילס פינקטליך קומען זיי אבער ניט צו די מיטינגען און טוען ניט פאר דעם בר. מאנכע ליידען פון ניט פאסענדע בעאמטע. איבערהויפט פיהלט זיך א מאנגעל אין פינאנץ סעקרעטערען. די נ. י. סיטי ערוק. קאם. האט לעצטען יאהר אנגעפיהרט קלאסען פאר פינאנץ סעקר, אבער אהן קענטיגען ערפאלג, ווייל די מעמבערס פון דעם א. ר. האבען זיך ניט אבגערופען. ווארשיינליך וועלען זיי דאס יאהר אויך האבען אזעלכע קלאסען און עס וואלט געווען ווינשענסווערט אז די מעמבערס פון דעם א. ר. אין נויארק וואס ווילען זיך לערנען אלס סעקר. זאלען די קורסען אטענדען. מיר פון אונזער זייט האבען די ברענטשעס אויסגעהאלפען מיט אלע מעגליכקייטען. עס איז אויך געווען אין איינינע ברענטשעס פארשידענע צוויסטיגקייטען און מיר האבען אנגעווענדעט אלע מעגליכקייטען צו סעטלען מיט דער בעסטער צופרידענהייט פאר ביידע צדדים. 2 ברענטשעס האבען מיר געמוזט אויפלעזען און זיי פעראייניגען מיט אנדערע ברענטשעס, ווייל עס איז ניט געווען קיין מעגליכקייט זיי אויפצוהאלטען. דאס איז בר. 421, וועלכער האט זיך פאראייניגט מיט בר. 510 און בר. 559, וועלכער האט זיך אנגעשלאסען אן בר. 6. מיר האבען באזוכט 93 ברענטשעס צו 1 מאל, 76 ברענטשעס צו 2 מאל, 53 ברענטשעס צו 3 מאל, 21 ברענטשעס צו 4 מאל, 18 ברענטשעס צו 5 מאל, 6 בר. צו 6 מאל, 3 בר. צו 7 מאל, 4 בר. צו 8 מאל, 2 בר. צו 10 מאל, 1 בר. 12 מאל.

**מלחמה קרבנות.** — מיר האבען אויפגענומען די פראגע וועגען שאפען דעם פאנד פאר אונזערע אומגליקליכע שוועסטער און ברידער אויף יענער זייט ים. מיר האבען אגיטירט אין די ברענטשעס און זיי אנגעצייגט די נויטווענדיגקייט ווי צו שטיצען דעם פאנד. מיר דענקען אז עס קומט אונז א גרויסער חלק אין דעם ערפאלג פון דעם קעמפיין, ווייל מיר האבען אנגעווענדעט אלעס מעגליכע, ניט אבשטעלענדיג זיך פאר שווערע ארבייט דעם פאנד וואס גרעסער צו מאכען.

**נייע מעמבערס.** — מיר האבען אויפגענומען די פראגע וועגען שאפען 20 טויזענד נייע מעמבערס ביז צו דער נעקסטער קאנווענשאן. מיר האבען די פראגע אויפגענומען ביי יעדען בר. און געזעהן אז יעדער בר. זאל האבען ביי זיך אויף דער טאגעס ארדנונג וועגען מעמבערשיפ קאמפיין, און א דאנק די מעמבערס פון גרייטער נויארק האבען מיר געהאט ערפאלג. מיר האבען פאר דעם יאהר אריינגענומען 7289 נייע מעמבערס אין גרייטער ניו יארק.

**א. ר. היים.** — מיר האבען גערופען מעהרערע קאנפערענצען פון די נ. י. ברענטשעס און זיי פאראינטערעסירט אין דער ארבייט וועגען שאפען א היים פאר דעם א. ר. די מעמבערס זיינען געווארען זעהר באגייסטערט און עס זיינען ביי די קאנפערענצען געווען פארטראטען 87 ברענטשעס מיט 165 דעלעגאטען. דער רעזולטאט איז, אז אויף אונזער איניציאטיווע האט די קאנווענשאן ערוועהלט א 5־ער קאמיטע, זי זאל דורך דעם יאהר אויסארבייטען פלענער און זיי אריינברענגען צו דער נעקסטער קאנווענשאן. און ווען די קאמיטע וועט נאר דערצו ריכטיג אטענדען וועלען מיר אין

קורצען אזא היים שאפען.

**א. ר. קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי.** — מיר האבען ביי אונז אויפגענומע[ן] די פראגע וועגען דער א. ר. קאאפ. בעקעריי און אינסטרואירט אונזער[ע] מעמבערס צו ריידען אין יעדען בר. וואו זיי קומען נאר וועגען דער א. ר[.] קאאפעראטיווע. מיר האבען פיעל מאל מיטגעהאלפען דער באוועגונג, או[ן] עס וועט נים לאנג נעמען און אלע ברענטשעס וועלען זיך אנשליסען או[ן] מאכען די אונטערנעמונג פאר אן ערפאלג. ווען מיר שרייבען דעם רעפארט האט מען אונז געלאזט וויסען אז עס איז שוין געקויפט געווארען א הוי[ז] פאר 25 טויזענד דאלער אין א בעקערי מיט אלע מאדערנע מאשינער[י] פאר 5,700 דאלער.

פריינדע, מיר האבען אייך איבערגעגעבען אלעס וואס מיר האבען אויפ[ן] געטאן פאר דעם יאהר, און עס בלייבט פאר אייך צו אורטיילען אויב ד[י] ארבייט איז צופרידענשטעלענד. מיר האפען אז די נייע קאמ. וואס ווע[ט] ערוועהלט ווערען וועט זיך נעמען מיט פרישען מוט און אנפיהרען די אר[-] בייט פאר דעם נעקסטען יאהר און זעהן אז דער רוף פון דער נאצ. עקז[.] פאר 100 טויזענד מעמבערס ביז צו דער נעקסטער קאנווענשאן זאל פאר[-] ווירקליכט ווערען. מיר דאנקען די ברענטשעס און מעמבערס פון דע[ם] א. ר. פאר דעם צוטרויען וואס זיי האבען אונז געגעבען און אונז געהאלפע[ן] אויספירען אונזערע פלענער ערפאלגרייך. מיר דאנקען דער נאצ. עקז[.] פאר דער הילף וואס האבען אונז געגעבען צו יעדער צייט וואס מי[ר] האבען פון זיי פארלאנגט.

פריינדע, צו דער ארבייט! זאל יעדער מעמבער טאן זיין חלק או[ן] מיר וועלען אונזער שעהנעם ארדען נאך גרעסער און שעהנער מאכען, או[ן] ווערען דער שטאלץ פון דער ארבייטער וועלט.

די ניו־יארקער שטאטישע ארג. קאמ. א. ר., א. לאנגער, סעק[ר.]

---

## אינסטאַלירונג פון דער נ. י. אָרג. קאָמיטע א. ר.

דאנערשטאג דעם 9טען סעפט. איז אין אפיס פון דעם א. ר. געווע[ן] די אינסטאלירונג פון דער נ. י. ארג. קאמ. פר. יודיטש עפענט דע[ם] פריינד — ז מיטינג. ער זאגט אז די ניי־ערוועהלטע מעמבערס פון דער קאמ. זיינע[ן] ניט אזוי גרין אז מען באדארף צו זיי ריידען וואס זיי האבען צו טא[ן.] די נ. י. ארג. קאמ. שפיעלט די ערשטע ראלע אין א. ר. פון אלע דיסטריק[ט] קאמיטעען איבער דעם גאנצען לאנד, ווייל נויארק האט די גרעסטע צא[ל] מעמבערס. — פר. דינערשטיין, פון בר. 99, ווערט ערוועהלט טשערמא[ן,] פר. פארליק, פון בר. 149, וויים טשערמאן, און פר. א. לאנגער, בר. 42 אלס סעקרעטער. טשערמאן דינערשטיין האלט א ווארימע רעדע און זאג[ט] אז אזוי ווי דעם יאהר זיינען אין דער קאמיטע אריין אלע אלטע טוע[ר] פון דעם א. ר. איז ביי איהם קיין ספק נים אז עס וועט געטאן גוטע אר[-] בייט. עס שטעהט אונז פאר א שווערער יאהר ארבייט, אבער מיר בא[-] דארפען זיך נים שרעקען. מיט אזעלכע קרעפטען ווי מיר האבען אין דע[ר] קאמיטע וועלען מיר זיכער מאכען אן ערפאלג.

ער שטעלט פאר פר. באסקין, גענ. סעקר. פון דעם א. ר. פר. באסקי[ן] האפט אז דעם יאהר וועט געטאן ווערען גוטע ארבייט. ער צייגט א[ן] דעם פאקט אז געוועזענע עקזעקוטיווע מעמבערס זיינען יעצט אריין אי[ן] דער קאמיטע, דאס באווייזט אז די מעמבערס פון דעם א. ר. זיינען וויל[יג] צו טאן די ארבייט פאר דעם א. ר. עס איז ביי זיי קיין אונטערשיעד א[ין] וועלכער קאמיטע זיי ארבייטען. עס איז ביי איהם קיין צווייפעל ניט א[ז] אז מיר וועלען קומען צו דער נעכסטער קאנווענשאן מיט 100 טויזענ[ד] מעמבערס און 100 טויזענד דאלער פאר די מלחמה קרבנות.

עס ריידען אויך די פריינד ל. דינערשטיין און ב. קרינסקי פון דע[ר] נאצ. ארג. קאמיטע.

א. לאנגער, סעקר.

---

## די פּראָגראַם פון טעטיגקייט פאַר'ן שטאַטישען בילדונגס קאָמיטעט פון א. ר. ניו־יאָרק

1) לעקציעס: א) ארויסהעלפען איינצעלנע ברענטשעס צו ארגאני[-] זירען לעקציעס; ב) איינארדנען אליין צו איין לעקציע אין יעדען טייל פון שטאדט אין משך פון ווינטער; ג) איינארדנען צוזאמען מיט'ן מעדיקא[ל] דעפארטמענט היגיענישע לעקציעס.

2) קאָנצערטען: א) איינארדנען אין משך פון ווינטער דריי גרויס[ע] קאנצערטען אין פארשידענע טיילען פון שטאדט; ב) איינארדנען קאנצער[-] טען פאר גרופעט ברענטשעס, וואס האבען זייערע מיטינגען אין דיזעלבע[ן] האלס; ג) איינארדענען 1־טע מאי קאנצערטען אין פארשידענע טיילען פו[ן] שטאדט; ד) העלפען איינצעלנע ברענטשעס איינצוארדנען קאנצערטען.

3) שולען: א) קאנטראלירען די ארבייט פון די עקזיסטירענדע שו[-] לען און העלפען זיי דעקען זייערע דעפיציטען; ב) גרינדען נייע שולע[ן] אין די געגענדען, וואו מען נויטיגט זיך אין זיי.

4) ארויסהעלפען די קינסטלערישע מוזיקאלישע אינסטיטוציעס וואס שטעהען אונטער דער אויפזיכט פון א. ר.: דעם כאר, די ארקעסטרע[ן] און די פרייע אידישע פאלקס ביהנע.

5) ארגאניזירען סעקרעטער־קורסען אויף אויסצובילדען געניטע סעק[-] רעטארען פאר די ברענטשעס, וואס נויטיגען זיך אין זיי.

6) קולטור־צענטרען און פארומס. כדי צו געבען א געלעגענהייט דעם ארבייטער צו הערען גוטע מוזיק און גוטע לעקציעס נאהענט לעבען זיין וואוינונג, האט דער שטאדטישער בילדונגס־קאמיטעט געגרינדעט קול[-] טור־צענטרען אין פארשידענע טיילען פון שטאדט: אין הארלעם — אין הויז פון די א. ר. ברענטשעס אין דער הארלעמער, אין 143 איסט 103טע סט.; דאון־טאון — אין שול, 134 איסט 7טע סט.; אין וויליאמסבורג — אין עדיוקיישאנאל עלייענס, 76 מרטל עוועני; אין בראנזוויל — 105 טאמ[-] פארד עווע. אין אט די אלע צענטרען העלפט דער ש. ב. ק. איינארדנען א ביבליאטעק און א לעזע־צימער, א קלוב צו פארברענגען, און אויסערדעם א רייע לעקציעס, קאנצערטען און קורסען. די לעקציעס, קאנצערטען און קור[-] סען ווערען פון שטאדטישען בילדונגס־קאמיטעט ארגאנזירט צוזאמען מי[ט] דעם פאראייניגטען א. ר. אויפקלערונגס־קאמיטעט. זיי וועלען פארקומען אין יעדען פון די אנגעוויזענע פארומס יעדען זונטאג נאכמיטאג: איין וואך א קאנצערט מיט א לעקציע, די אנדער וואך א לעקציע אליין. אפטמאל בא[-] גלייט מיט אילוסטראציעס. דאס וועט אנהאלטען 24 וואכען נאכאנאנד, אנהייבענדיג פון אקטאבער און ביז אפריל.

די קורסען וועלען זיין איבער די וויכטיגסטע פראגען און געגענשטאנדען וואס אינטערעסירען דעם אידישען ארבייטער, און א קורס וועט ארגאניזירט ווערען ווען עס וועלען זיך רעגיסטרירען אויף איהם 25־30 פערזאן.

צו האלטען די לעקציעס און צו לערנען אויף די קורסען זיינען צוגע[-] צויגען געווארען די קאמפעטענטסטע פערזאנען אויף דער אידישער גאס.

יעדער נויארקער מיטגליעד פון א. ר. דארף זיך פאראינטערעסירען מיט אט דער גאנצער ארבייט פון שטאר. בילר. קאמ. און נאכפאלגען ד[י] ווייטערדיגע [illegible]

# אפיציעלע צירקולארען

## צו אלע ברענטשעס פון ארבייטער רינג

ווערטהע פריינד:

שוין עטליכע יאהר ווי דער ארבייטער רינג פיהרט אן קאמפיינס פאר פארגרעסערען זיין מעמבערשיפ און פאר שאפען געלדער פאר די מלחמה קרבנות, פאר יענע אונגליקליכע שוועסטער און ברידער פון יענער זייט ים, וועלכע נויטיגען זיך אין אונזער שטיצע, פינאנציעלע אזוי גוט ווי מאראלע.

די נאציאנאל עקזעק. קאמ. פון א. ר. פון דיזען יאהר, האט באשלאסען צו נעהמען אין דעם זעלבען וועג פון די פריהערדיגע פארוואלטונגען פון א. ר. דער א. ר. איז ארוים פון די ראמען פון א פראטוירנאל ארדער, ער איז געווארען א מעכטיגע קראפט, אן ארגאניזאציאן מיט וועלכע די גאנצע וועלט רעכענט זיך, אן ארגאניזאציאן וועלכע האט און דארף זאגען איהרווארט אומעטום וואו עס איז נויטיג, און אפרופען זיך אויף אלע געשעהעניסען פון דעם אידישען לעבען. דער א. ר. וואקסט פון טאג צו טאג, און ער דארף שטרעבען וואס מעהר און מעהר צו פארגרעסערען זיינע רייהען, פארשטארקען די מחנות מיט ראדיקאלע עלעמענטען, מיט די מעהר פראגרעסיווע ארבייטער, וועלכע זיינען נאך ביז יעצט ניט ארריין אין דעם א. ר. די פעלד איז א גרויסע און א פרוכטבארע, און גוט בעארבייט, וועט זי געבען די געווינשטע רעזולטאטען.

דער מאטא פון דער נאצ. עקזעק. קאמ. איז צו קומען צו דער נעקסטער קאנווענשאן מיט א הונדערט טויזענדיגער ארמיי פון דיסציפלינירטע ארבייטער, און מיט א נייעם פאנד פון 75 טויזענד דאלאר פאר אונזערע אונגליקליכע שוועסטער און ברידער. די ארבייטער רינג מעמבערס האבען ביז יעצט ארויסגעציינט א מערקווירדיגע איבערגעבענהייט צו די אינטערעסען פון [illegible] ליידענדע און אויב אין דעם פאריגען יאהר האבען מיר גע[illegible] א סומע פון 80 טויזענד דאלאר, איז ניטא קיין אורזאכע [illegible]לען אין דעם קומענדען יאהר ניט שאפען דיעזע 75 טויזענד [illegible]ן וואו עס איז דא ווילען, דארט איז אויך דא וועגען, און [illegible] מיר אפעלירען צו אייך, פריינד פון א. ר., אז איהר זאלט [illegible]ומען אונזער מאטא. די פראגע פון דיעזע ביידע קאמפיינס [illegible]ן יעצט זיין אוועקגעשטעלט אויפ'ן טאגעס ארדנונג פון אייערע מיטינ־גען, און אזוי גלייך ווי די הייסע זומער מאנאטען וועלען אריבער, זאל זיך אנפאנגען א ברייטע, גרויסע טעטיגקייט, אום אונזער ציעל צו ערר[ייכען], אום אונזערע קאמפיינס זאלען דורכגעפיהרט ווערען מיט ערפאלג.

דער א. ר. האט ביז יעצט קיין דורכפעלע ניט געליטען, און מיר האפען, אז ער וועט ווייטער אויך ניט ליידען אין קיינע פון זיינע קאמפיינס. מיט פרישע ענערגיע, מיט מוטה פאר אונזערע ווייטערדיגע קאמפיינס

מיט פריינדליכען גרוס,

נאצ. עקזעק. קאמ. א. ר., י. באסקין, דזשענ. סעק.

---

מיר האבען שוין איינינע מאל אנגעציינט אונזערע ברענטשעס אויף די וויכטיגקייט פון דעם אמט פון דעם סעקרעטער פון ברענטש. מיר האבען פיעלע מאל רעקאמענדירט, אז די ברענטשעס זאלען טאן אלעס מעגליכעס, אום צו האבען איין אמט אלס סעקרעטער די בעסטע און די פעהיגסטע טוער, און די פראגע פון געהאלט זאל ניט שפילען קיין ראלע, ווייל אם ענדע באצאהלט זיך פאר א ברענטש צו געבען א סעקרעטער א העכערען געהאלט, אוב אלעס זאל געפיהרט ווערען אין ארדנונג.

מיר ווידערהאלען דארום נאכאמאל, ווייל די פראקטיקע האט אונז גע־לערנט אז די גאנצע עקזיסטענץ פון א ברענטש, די גוטע פיהרונג און ארדער וועגדעט זיך פיעל אן די פעהיגקייט און איבערגעבענהייט פון דעם סעקרעטער. מיר האפען אז אלע אונזערע ברענטשעס וועלען דאס נעהמען אין אנבע־טראכט.

מיר ווילען אויך ציהען אייער אויפמערקזאמקייט אויף איינינע פון די וויכטיגסטע זאכען, און דאס איז: אז יעדער ברענטש זאל האבען א טשעק אקאונט מיט א באנק. יעדער סענט וואס דער סעקרעטער קאלעקטירט, דארף גלייך איבערגעגעבען ווערען צו דעם טרעזשורער, און דער טרעזשורער זאל דיעזע געלדער ניט האלטען ביי זיך, נאר דאס גלייך דעפאזיטען אין באנק. דאס איז די איינציגע וועג וואס קען אויסמיידען אלע פינאנציעלע טראבעל אין א ברענטש, אלע מיספערשטענדניסע און דורכפאלען. די מייסטע פינאנציעלע טראבעלס און געלד פארלוסטען וואס ברענטשעס האבען געלי־טען דורך זייערע סעקרעטערע און טרעזשורערס, זיינען פארגעקומען אין ברענטשעס וועלכע האבען ניט געהאט קיין טשעק אקאונטס. עס איז אויך נויטיג, אז די פינאנס קאמיטע פון ברענטש זאל ניט פארנאכלעסיגען איהר פליכט, אז זי זאל גאנץ אפט אונטערזוכען די ביכער, און מאכען זיכער אז די געלדער זיינען דעפאזיטעט געווארען ריכטיג און אין צייט.

ווען די ברענטשעס זאלען נאכקומען דיעזע רעקאמענדיישאנס, וואלטען פיעלע קייסעס וואס דער אפיס דארף איבערגעבען צו דער באנד קאמפאני געווים פארמידען געווארען.

ביי דיזער געלעגענהייט ווילען מיר אייך באמערקען, אז לויט אונ־זער באשלוס זיינען די באנדס אונטער וועלכע די סעקרעטערע און טרעזשו־רער שטעהען אין אפיס געעהעכערט געווארען פון $250 אויף $500 פון יעדען באזונדערען בעאמטען. די סומען וואס די ברענטשעס וועלען דערפאר דאר־פען צאהלען, איז אן אונבעדייטענדע (40 סענט פער הונדערט), דערפאר אבער זיינען די פינאנסען פון ברענטש מעהר געזיכערט.

מיר האפען אז איהר וועט דאס אלעס נעהמען אין אנבעטראכט, און האנדלען פאר דעם וואהל און בעסט פון ברענטש און אויך פאר דעם גאנ־צען ארבייטער רינג.

מיט פריינדליכען גרוס,

נאצ. עקזעק. קאמ. א. ר., י. באסקין, דזשענ. סעק.

נ. ב. ווען איהר שיקט אין אפיס א ליסט פון געשטראכענע, דארפט איהר אויך שיקען צוזאמען די פאסט־אפיס רעסיטס פון די רעדזשיסטרירטע בריוו, אנדערש וועט דער אפיס ניט קענען שטרייכען דיעזע מעמבערס. 10 טעג בעפאר דעם שטרייכען מוזט איהר שיקען א מעמבער א רעדזשיסטריר־טען בריעף, אנזאגענדיג איהם, אז אויב ער וועט ביז דער בעשטימטער צייט ניט איינצאהלען, ייעט ער געשטראכען ווערען.

---

אלס די נאציאנאלע בענעפיט קאמיטע פון ארבייטער רינג, האבען מיר אויף זיך די פליכט אויפצופאסען אויף אלעס וואס האט צו טאן מיט דעם דעפארטמענט פון קראנקען בענעפיט, און אכטונג געבען אז אלעס זאל זיין אין דעם בעסטען ארדנונג, און אלעס וואס עס ווענדעט זיך אן אונז טוען מיר דאס אום דיזעם צו ערררייכען. אבער עס פארשטעהט זיך אז אום אלעס זאל געפיהרט ווערען אויפ'ן בעסטען וועג, מוזען מיר האבען די מיטווירקונג און די הילף פון די ברענטשעס, און איבערהויפט פון די בעאמטע פון די ברענטשעס, וועלכע דארפען זעהן, אז אלע רולס און געזעצע וועגען קראנקען בענעפיט, וועגען שיקען קאמיטעען צו די קראנקע מעמבערס א. ז. וו., זאלען אפגעהיט ווערען, ווי נעהעריג איז.

מיר ווילען ציהען אייער אויפמערקזאמקייט אויף איינינע פונקטען, וועלכע זיינען זעהר וויכטיג:

אין פאל פון מעמבערס, וועלכע ליידען פון אזעלכע קראנקהייטען וועלכע צווינגען זיי ניט צו ליגען אין בעט, און קענען ארומגעהן, איז אויך נויטיג אז קאמיטעס זאלען צו זיי געשיקט ווערען, אום צו וויסען צו יעדער צייט זייער צושטאנד, אדער אז די מעמבערס אליין זאלען זיך מעלדען צו פאר־טיעדענע בעאמטע אדער פריוואטע מעמבערס פון ברענטש, אין דער צייט ווען זיי קענען נים נאכקומען זייער באשעפטיגונג, און זיי זיינען בארעכטיגט צו קראנקען בענעפיט.

אום קראנקע מעמבערס זאלען האבען א מעגליכקייט צו יעדער צייט צו לאזען וויסען צו די האספיטאלערס וועגען זייער קראנקהייט, איז זעהר וויכ־טיג אז אויף אלע בילס אדער אנדערע קאמיוניקיישאנס וואס די ברענטשעס שיקען צו זייערע מעמבערס, זאל אנגעגעבען ווערען דער אדרעס פון דעם האספיטאלער.

די נ יו יארקער ברענטשעס וועלען אין דיזען בריעף אויך געפינען נייע מעדיקאל קארדס, וועלכע וועלען זיי אנצייגען די אלע נייע דאקטוירים און אויף די אדרעסען פון די אלטע דאקטוירים וועלכע זיינען אנגעשטעלט אין דעם א. ר. אלס מעדיקאל עקזאמינערס. די אלע נייע דאקטוירים געהען אריין אין אמט דעם 1טען אויגוסט. אפליקיישאנס פאר קאנדידאטען אין ניו יארק וועט דער אפיס אנערקענען נאר דאן, ווען זיי וועלען זיין אונ־טערגעשריבען פון דיעזע דאקטוירים.

האפענדיג דאס די ברייטע מעמבערשיפ און די טוער פון די ברענטשעס וועלען אונז מיטהעלפען אין אונזער ארבייט, פערבלייבען מיר,

מיט פריינדליכען גרוס,

נאצ. עקזעק. קאמ. א. ר., י. באסקין, דזשענ. סעק.

---

## אן ערקלערונג צו אלע מעמבערס פון ארבייטער רינג.

ווערטהע פריינד: ווי אייך איז באוואוסט איז פראווידענס געווען אויפ'ן באלאט אלס די נעקסטע קאנווענשאן שטאדט. אויך האט איהר ווארשיינליך געקראגען א בריעף פון בר. 110 א. ר. אין וועלכען זיי האבען פארלאנגט פון אייך אז איהר זאלט שטימען געגען פראווידענס. מיר ווי־לען ערקלערען אז דער בריעף איז געווען די ארבייט פון עטליכע מענשען פון בר. 110 און ניט פון די ברענטשעס.

מיר ווייסען אז עס איז שוין יעצט צו שפעט צו אגיטירען אז איהר זאלט שטימען פאר פראווידענס, און די לייטע פון בר. 110 האבען געטאן זייער ארבייט אזוי קאנספיראטיוו־פארבאהאלטען, אז מיר האבען ניט געהאט די געלעגענהייט אין צייט זיך צו ווענדען צו אייך, אבער — בעסער שפעטער איידער קיינמאל — מיר ווילען יעצט פון זיך אראפווארפען די פאראנט־ווארטליכקייט פאר דעם, וואס די פאר מיטגלידער האבען דארטען באגאנגען.

דער אמת איז אז מיר האבען געוואלט האבען די קאנווענשאן אין פראווידענס צוליעב פיעלע אורזאכען, ספעציעל ווייל זי וואלט פארשטארקט אונזערע ברענטשעס און מיר וואלטען געקראגען פיעלע נייע מעמבערס. ווידער האבען מיר דא פיעלע אלטע מעמבערס, וועלכע האבען געגרינדעט דעם בר. 14 און זיי האבען אלע מאל געהאפט צו דערלעבען די צייט ווען זיי וועלען האבען אן א. ר. קאנווענשאן ביי זיך אין שטאדט. מיר זיינען אלע געווען זיכער אז דעם יאהר איז אונזער געלעגענהייט. צום סוף זיי־נען געקומען די לייטע פון בר. 110 און אזוי געהאנדעלט.

מילא, מיט זיי האבען מיר ניט וואס צו טענה'ן. אבער פאר אייך מעמבערס פון א. ר. ווילען מיר ערקלערען אז מיר באדויערען וואס עס האט זיך אזוי געמאכט, און מיר האפען דאך אויף דער צייט ווען מיר וועלען האבען די קאנווענשאן פון אונזער בעליעבטען א. ר. אין פראווידענס.

פאר בר. 14: ה. שערמאן, א. מאקלער, פ. מארקוסאן, קאמיטע.

פאר לאסאל קלוב בר. 251: וו. האכמאן, י. לעווין, דזש. בערנשטיין, קאמ.

---

## צו אלע מיטגלידער פון די געוועזענע ברענטשעס: 413, 435 און 533 אין באפאלא.

נאכדעם ווי די אויבענדערמאנטע ברענטשעס האבען באשלאסען זיך צו פאראייניגען, איז אפגעהאלטען געווארען א געמיינשאפטליכער מיטינג מיט'ן צוועק צו פארהאנדלען וועגען נייעם גרויסען בר. 192, ווי אויך ער־וועהלען בעאמטע, און עס איז געווען אייער ווילען מיך איינשטימיג צו ערוועהלען אלס פינאנץ־סעקרעטער און אנפארטרויען מיר דעם פאראייניג־טען ברענטש. איך האב מיין אמט אנגענומען מיט דעם פולען באוואוסט־זיין איבער די אנשטרענגונגען וועלכע עס וועלען זיך פאדערען פון מיר, און איך בין זיכער אז מיינע פליכטען וועלען פון מיר ערפילט ווערען אזוי גוט ווי נאר מעגליך. איהר ווייסט, פריינד, אז דער סעקר. איז ניט דער ברענטש, און ער קען אליין ניט טאן דאס וואס אלע צוזאמען מוזען טאן. יעדער מיטגליעד מוז נעמען א טיכטיגען אנטייל אין די פארהאנדלונגען פון בר. דאס איז דער איינציגער סטימול וועלכער באוועגט די בעאמטע צו ארבייטען. און גראדע יעצט, ווען אונזער בר. צעהלט קארגע 200 מעמבערס, בין איך געצוואונגען צו ציהען אייער אויפמערקזאמקייט, דורך אונזער „פריינד", און ווארענען אז קיינער פון אייך זאל זיך ניט בארוהיגען מיט'ן געדאנק אז „יעצט איז שוין דא ווער ס'זאל טאן די ארבייט". ניין, פריינדע! מיר אלס פראגרעסיווע מענשען מוזען זיך דערוויטערען פון אזוינע געדאנקען. וועט איהר בלייבען גלייכגילטיג אין דיזער צייט פון גרויסע היסטארישע געשעהעניסען? עס גלויבט זיך קוים, ווארים עס שטעלען זיך מיר פאר אייערע אויסדריקען ביי פארשידענע מיטינגען און מאסען־פארזאמלונגען ארגאנזירט פאר פראטעסטס געגען פאגראמען, רעליף אדער סאציאליס־טישער קאמפיין, וואו יעדער פון אייך איז געווען דורכגעדרונגען מיט'ן ווילען צו העלפען די אונגליקליכע אויף יענער זייט ים און די ניט גליקליכע אויף דער זייט. עס מוז אבער פארשטאנען ווערען אז אליין קען קיינער גארנישט אויפטאן. קומט זשע דאן, פריינדע, צו אונזערע מיטינגען! לאמיר צוזאמען בויען א צוקונפט וועלכע זאל באזירט זיין אויף די יסודות פון ווירקליכער ברידערליכקייט, גלייכהייט און פרייהייט.

ב. פאקטאראוו, סעקר. בר. 192, א. ר. באפאלא.

---

## א ענטפער צו פר. רייגנאלד.

פר. ל. רייגנאלד, אין אויגוסט נומער „פריינד", זאגט זיך ארוים פאר 2־יעהרליכע קאנווענשאנס פון א. ר. מיט א דירעקטער פארטרעטערשאפט פון די ברענטשעס. פר. רייגנאלד זאגט אז עס איז פאראן דא א געוויסע צאל פריינדע וואס פארען יאהר איין און יאהר אויס אלס דעלעגאטען צו דער קאנווענשאן, און מען לאזט פשוט ניט צו א פרישען אלס דעלעגאט. דיזע באהויפטונג איז ניט ריכטיג; פון אלע דעלעגאטען, וואס זיינען ער־וועהלט געווארען לעצטען יאהר צום קאנווענשאן פון שיקאגא טעריטאריע, איז קיין איינער ניט געווען א דעלעגאט צו דער דעטראיטער קאנווענשאן. און אפילו אז עס וואלטען געווען דיזעלבע דעלעגאטען, אויב דער טעררי־טאריעלער קאנפערענץ האט זיי געפונען פאר פאסענד איז דאך ניטא וואס צו ריידען. אויף דער קאנפערענץ זיינען דאך געווען ארום 50 דע־לעגאטען וואס האבען געשטימט פאר די קאנדידאטען, איז דאך לעכערליך צו באהויפטען אז די 50 דעלעגאטען זיינען געווען פאראינטערעסירט ניט צו צולאזען קיין נייען פנים.

פר. רייננאלד געפינט אַ מיטעל אַז אַ דעלעגאַט מיט אַ פריש וואָרט און נייעם נעדאַנק זאָל קענען זיין אַ דעלעגאַט. דערפאר דאַרף מען האבען 2־יעהרליכע קאַנווענשאַנס מיט דירעקטער פּארטרעטערשאַפט. ביי אַ גרויסער קאַנווענשאַן, פון וועלכע 1000 דעלעגאַטען, וועט אַזאַ פרישער דעלעגאַט מיט אַ נייעם געדאַנק פארפאַלען ווערען. זאָל ער פריהער די נייע נעדאַנקען ארויסברייננען אין זיין ברענטש און זיין טעריטאָריע, וועלען שוין די מיטגלידער אורטיילען אויב מען דאַרף איהם געבען דעם מאַנדאַט צו אַ קאַנווענשאַן. איהר, פר. רייננאַלד, זייט ראָך געווען אַ דעלעגאַט צו דער טעריטאָריעלער קאָנפערענץ, האָט מען וועמען געשטערט ארויסצוברייננען אַ נייעם געדאַנק? איהר אַליין האָט אפילו דאָס וואָרט ניט פארלאַנגט ביי דער קאָנפערענץ. — מיט גרוס, ל. בענענסאָן.

# ערשטער פּיערטעל יעהרליכער קאָנפערענץ פון דער האַרריסבורגער דיסטריקט אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע.

די קאָנפערענץ איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין רעדינג, פּא., דעם 15 אויג. פאָלגענדע ברענטשעס זיינען געווען פארטראַטען: בר.58, 105, 112, 113, 182, 292,380, און 474.

דער דיסטריקט באַשטייט פון 12 ברענטשעס. 4 זיינען ניט אומשטאַנד געווען צו שיקען דעלעגאַטען.

פריינד קרינסקי פון נאַצ. אָרג. קאָמ. אינסטאַלירט די קאָמיטע אין נאָמען פון דער נאַצ. עקז. קאָמ.

בר. 58, איסטערן, פּאַ. באַריכטעט אַז זייער בר. איז פון יענע וועלכע עקזיסטירען נאָר אין די ביכער. אומשטענדען זיינען זעהר ניט גינסטיגע, אין זייערע געגענדען, עס פעלט דער נייטינער עלעמענט, א ד. ג.

בר. 105 האָט געטאָן וויפיעל נאָר מעגליך. געקליבען און אוועקגעשיקט קליידער צו דער פּיפּלס רעליף קאָם. אָרגאַנזשירט אַ רעליף קאָמיטע צו קלייבען געלד פאַר'ן רעליעף. געקויפט און אָפּגעצאָהלט פאַר אַן אייגענע סעמעטערי, און נאָך אַנדערע טהעטיגקייטען.

בר. 112, סקרענטאָן, פּאַ. רעפּאָרטעט אַז זייער בר. טוט פיעלעס פאַר דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין. זיי האָבען זיך געטעקסט מיט 1 דאָלאַר פאַר'ן רעליעף. זיי שטיצען פאַרשיעדענע אָרגאַניזאַציעס, א. ד. ג.

בר. 113, ווילקעסבאַר, פּאַ. רעפּאָרטעט אַז זיי טוען גוטע ארבייט אין אַלעס אויסער אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט; דערפאַר פעלט דער עלעמענט. זיי קויפען איצט אַ הויז פאַר $5,500. זיי טוען פיעלעס פאַר'ן רעליעף.

זיי וועלען עפענען אַן א. ר. קינדער שולע, אַ ביבליאָטעק, א. ד. גל.

בר. 182, לאַנקעסטער, פּאַ. רעפּאָרטעט אַז זייער בר. האַלט גאַנץ שוואַך, און אַז די ד. ק. וועט מוזען זעהן דאָרטען עטוואָס צו טאָן אום אַנצוהאַלטען דעם בר. אַלס אַ גאַנצען. אויך דאָרט פעלט דער עלעמענט פאַר דעם ארבייטער רינג.

בר. 292, רעדינג, פּאַ. רעפּאָרטעט אַז זייער בר. איז גראָדע זעהר טהעטיג אויף אַלע געביטען. זיי פיהרען אַ מעמבערשיפּ קאַמפּיין, און מיט ערפאָלג, האָבען געטאָן פיעלעס פאַר'ן רעליעף. אַנגעזאַמעלט פיעל קליידער און אויך ארום $2,500. ארבייטען איצט וועגען אַ א. ר. שולע. זיי האָבען זייער ביבליאָטעק, א. ד. ג.

בר. 380, אַללענטאַון, פּאַ. רעפּאָרטעט אַז זיי האָבען געליטען שטאַרק פון איינינע זאַכען און פון דער שווארצער כמאַרע, אוזפון זייערען אַ סעקרעטער אַ געוויסער „אינטעלעקטועל" אַ דאָקטאָר, ער האָט פאַרנאַכלעסיגט זיין ארבייט אויף אַזוי פיעל אַז דער בר. האָט געהאַלטען ביים אונטערגאַנג. ארבייטען וועגען אַ א. ר. שולע.

בר. 474, בעטלעהעם, פּאַ. רעפּאָרטעט אַז זיי האַלטען שוין ביי דער נסיכה. נאָר צוליעב זייער שווער אויסגעארבייטע פאָלקס שולע האַלטען זיי זיך נאָך צוזאַמען ווי ניט איז. אורזאַכען זיינען דאָרט — אין שוואַבס מדינה — דאָ זעהר פיעלע; נאָך דער קריעג איז דאָרטען ניט דאָ פיעל אַרבייט און דעריבער קומען טאַקע וועניגער יונגע לייט פון וועלכע מען זאָל קענען נעמען רעקרוטען.

פאַר בר. 940 קאַרבאַנדייל, רעפּאָרטעט פר. ל. וואַנגער. ער באַריכטעט אַז זיי האַלטען ניט קיין מיטינגען, זייערע מעמבערס זיינען זעהר גלייכגילטיג, און אַז דאָרטען וועט די ד. ק. אין גאַנצען מוזען רעאָרגאַניזירען דעם ברענטש.

פר. קרינסקי, פון נאַצ. אָרג. קאָמ., לייגט פאָר פאַר די ד. ק. די ארבייט וועלכע וועט מוזען געטאָן ווערען. נעמליך: אָרגאַניזאַציאָנס ארבייט. אויפלעבען אַלטע און אָרגאַניזירען נייע ברענטשעס. אָנפיהרען אַ שטאַרקען מעמבערשיפּ קאַמפּיין. אַכטונג געבען אַז בענעפיטס זאָלען אויסגעצאָהלט ווערען גענעציליך. דערביי ציינט ער אַז אַז 4 ברענטשעס האָבען אויסגעצאָהלט עמהר ווי זיי האָבען איינגעצאָהלט. גרינדען שולען, ביבליאָטעקען. א. ד. ג.

אויף זאָל דער דיסטריקט קאָמיטע אויפמונטערען די ברענטשעס צו מאַכען אונטערנעמונגען, גרינדען קאָאָפּעראַטיווען, ווי מעגליך שטיצען די זעלבע, א. ד. ג.

עס ווערט באַשלאָסען, אַז דער טשערמאַן און סעקרעטער זאָלען טאָן די נויטיגע אַרבייט צווישען די מיטינגען און זאָלען האָבען די רעכט צו שיקען קאָמיטעס ווי זיי געפונען פאַר נייטיג און צו די ברענטשעס ווען זיי פאַרלאַנגען עס.

גאַנץ אינטערעסאַנטע דעבאַטען זיינען פאָרגעקומען צווישען די דעלעגאַטען און פר. קרינסקי. די עקז. קאָם. איז שטאַרק קריטיקירט געוואָרען פאַר פאַרנאַכלעסיגען די קאַנטרי ברענטשעס אויף אַלע געביטען. פר. קרינסקי ענטפערט, אַז דאָס איז די שולד פון די ברענטשעס זעלבסט, און אַז די נאַצ. עקז. קאָם. קענען ניט אָפּאַרדען צו ספּענדען גרויסע סומען געלד אין דער קאַנטרי

עס ווערט באַשלאָסען אַז דער נעקסטער מיטינג זאָל געהאַלטען ווערען אין ווילקס־באַררע אין 3 מאָנאַטען ארום.

אין נאָמען פון דער דיסטריקט קאָמיטע ווערט בר. 292 בעדאַנקט פאַר זייער האַרצליכע אויפנאַמע און באַנקעט.

ס. ת. ריווין,, סעקר. פון ד. ק.

# אויפרוף צו אַלע ברענטשעס און מיטגלידער פון אַרב. רינג.

ווערטהע פריינד:

צוואַנציג יאָר צייט האָט אונזער אַרבייטער רינג וואונדערבאַרע אַרבייט אויפגעטאָן אויף יעדען ראַדיקאַלען געביט פון געזעלשאַפטליכען לעבען, און בלויז איין וויכטיגע אַרבייט האָבען מיר ביז איצט כמעט גוי פאַרנאַכלעסיגט; צוואַנציג יאָר האָט אונזער אַרבייטער רינג געהאָלפען בויען אַלע צווייגען פון דער ראַדיקאַלער באַוועגונג, און בלויז איין וויכטיגען צווייג זיינען מיר אינגאַנצען כמעט ווי פאַרביינעגאַנגען.

דער א. ר. איז געווען די וויגעלע פון דער אידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין דיזען לאַנד. דער א. ר. האָט שטענדיג געדיענט אַלס איינע פון די מעכטיגסטע פּאָזיציעס אין די עקאָנאָמישע קעמפּפע פון די אַרבייטער. אָבער אין דערזעלבער צייט זיינען מיר נאָך ביז היינט געבליבען פּאַסיוו צו דער קאָאָפּעראַטיווער אַרבייט אין דער באַוועגונג, הגם דיזע טעטיגקייט איז אַנערקענט פון אונז, ווי פון דער גאַנץ ברייטער אַרבייטער־וועלט, אַלס איינע פון די וויכטיגסטע קאַמפּס־מיטלען געגען דער קאַפּיטאַליסטישער רויבעריי און עקספּלואַטאַציע און אַלס אַ וויכטיגע פאַרבערייטונגס־אַרבייט פאַר דעם סאָציאַליזם.

עס איז אמת אַז ביי די מערסטע פון אונזערע קאָנווענשאָנס האָבען מיר געפאַסט רעזאָלוציעס פאַר קאָאָפּעראַציאָן. עס איז אמת, אַז דאָ אָדער דאָרט האָבען מיר אָפט טיילווייז געשטיצט אַ קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונג. אָבער דאָך, — נאָך גאָר ווייניג געטאָן פאַר דער אויסבויאונג פון אַ מעכטיגער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג.

אָט דיזער באַדויערנסווערטער פאַקט איז מיט אַ יאָר צוריק באַמערקט געוואָרען פון אַ גרופּע מיטגליעדער פון דעם אַרבייטער רינג. צוליעב פאַרשטענדליכע מאָטיוון, האָבען מיר געוואוסט, אַז קיין קאָאָפּעראַטיווע טעטיגקייט אויף אַ נאַציאָנאַלען מאַסשטאַב, אונטער דער אָנפיהרונג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע, קען ניט אונטערנומען ווערען. אָבער אַז אַ ברייטע קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג אין די רייהען פון דעם א. ר. קען און זאָל געשאַפען ווערען דורך די ברענטשעס, דאָס איז געבליבען און דאָס דאַרף זיין דער וואונש פון יעדען ערנסטען פריינד פון דער ראַדיקאַלער באַוועגונג. מיר האָבען דאַרום באַשלאָסען און זיך גלייך גענומען צו דער אַרבייט: אויף אַ קאָנפערענץ פון נויאָרקער ברענטשעס איז אָרגאַניזירט געוואָרען אַן אַרבייטער רינג קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט, און די רעזולטאַטען פאַר דער גאָר קורצער צייט זיינען גאַנץ ערפרעהענדע: ביז איצט האָבען זיך שוין אָנגעשלאָסען אין אונזער געזעלשאַפט איבער צוויי הונדערט ברענטשעס אַלס גאַנצע, און איבער צוויי טויזענד א. ר. מיטגלידער אַלס איינצעלנע, און שוין איצט זיינען מיר אויך צוגעטראָטען צו פּראַקטישער קאָאָפּעראַטיווער אַרבייט; מיר האָבען אָפּגעקויפט אַ נייעם גרויסען בילדינג אין איינעם פון די לעבעדיגסטע טיילען פון נויאָרק, און אַן ערשטע גרויסע, מאָדערנע א. ר. קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי וועט שוין אין די נעקסטע מאָנאַטען ערעפענט ווערען.

כדי צו פאַרזיכערען דעם גרעסטען ערפאָלג פון אונזער ערשטער אונטערנעמונג, און כדי צו קענען באַלד זיך נעמען פאַר דער בויאונג פון נייע קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען, האָבען מיר איצט אָנגעפאַנגען אַ פרישען קעמפּיין פאַר דעם פאַרקויף פון שערס אין ווערט פון 50 טויזענד דאָלער פאַר די נעקסטע מאָנאַטען. צוליב דיזען צוועק ווענדען מיר זיך צו אַלע ברענטשעס און צו אַלע מיטגלידער פון אונזער גרויסען אָרדען פאַר הילף אין אונזער וויכטיגער אַרבייט.

דערביי, פריינד, נעמט אין אַכט די פאָלגענדע פונקטען:

1) מיר בעטען ניט קיין נדבות, נאָר אַז יעדער ברענטש און יעדער מיטגליד באַזונדער זאָלען גלייך קויפען שערס און ווערען שותפים אין אונזערע קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען. אַ שער קאָסט בלויז 5 דאָלער און מיר ערוואַרטען אַז איר זאָלט קויפען אַ געניגענדע צאָל פון זיי. יעדערער וואָס קויפט שערס — איינע אָדער מער — דאַרף דערצו אויך איינצאָלען 25 סענט אַלס איינטריטס־געלד אין דער געזעלשאַפט, וועלכע ווערען פאַרנוצט פאַר אונזער אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט.

2) אייער געלט, ווענינסטענס וויפיעל איר וועט „אינוועסטען", וועט פאָלשטענדיג זיין געזיכערט. דער נאָמען, „די אַרבייטער רינג קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט", וועט צו יעדער צייט זיין די בעסטע גאַראַנטי פאַר דעם.

3) הגם אונזערע ערשטע אונטערנעמונגען זיינען אין נויאָרק צוליעב דער גרויסער מאַסע אַרבייטער פון שטאָדט, זוכען מיר אָבער דורכדעם צו פאַרבינדען אַן אַלגעמיינע א. ר. באַוועגונג פאַר קאָאָפּעראַציאָן איבער דעם גאַנצען לאַנד.

פריינד, מיר האָבען אונטערנומען אַן אידעאַלע באַוועגונג — אין דעם נאָמען און אין די רייהען פון אונזער אַרבייטער רינג, און פון יעדען שטאַנדפּונקט מוז זיך דיזע באַוועגונג קרוינען אַמעריקאַ־סטען מיט דעם גרעסטען ערפאָלג. שיקט באַלד אייערע אָרדערס פאַר שערס צוזאַמען מיט דער באַטרעפענדער סומע, צו אונזער טרעזשורער, — דער גענעראַל סעקרעטער פון א. ר., פר. דזש. באַסקין. האַנדעלט שנעל און העלפט אונז בויען די אַרב. רינג קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג.

מיט פריינדליכען גרוס,

די אַרב. רינג קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט,

175 איסט בראָדוויי, נויאָרק.

דעבס' קלינגענדער רוף פון אונטער די תפיסה־גראַטען זאָל פאַרטויבען דעם „פויקען־און־מאַצען־קאַמפּיין" פון די „פריוע" קאָקס און האַרדינג מיט א י י ע ר הילף.

* * *

וויפיעל א. ר. מיטגלידער פון דער „קאָונטרי" וועלען עס יעצט מקנא זיין די ניו־יאָרקער, וואָס וועלען באַלד עסען זייער אייגענע א. ר. קאָאָפּעראַטיווע ברויט!

THE FRIEND



דער פריינד

Vol. XI　NOVEMBER-DECEMBER, 1920.　No. 10

# פון מאנאט צו מאנאט

**אונזער רעליף שטאנדפונקט**

דער עצם עקזיסטענץ פון ארבייטער־רינג איז א טאג־טעגליכע אונטערשטרייכונג, אז דער איינציגער ווירדיגער, וויכטיגער, ווירקזאמער און ווירקליכער וועג פון הילף איז ברידערליכע הילף, וואס, עס מיינט זעלבסטהילף. צדקה, ווי זי ווערט פראקטיצירט דורך די בירגערליכע קלאסען, צוואווארפענדיג ביינער פון זייערע רייכע און זאטע טישען — העלפט נישט, נאר ערנידעריגט; ליזט נישט, נאר באליידיגט; פרובט זיך נישט אויפשטעלען דעם געפאלענעם כדי ער זאל אליין קענען געהן, נאר גיט איהם א ציה ליגענדיג אויף דר'ערד און ריכט איהם נאך מעהר איין אין בלאטע, אין שמוץ און אין שאנד.

דאס איז אייגענטליך אלף־בית.

די זעקס יאר פון קריג און פארוויסטונג אין די מזרח־לענדער פון איירופא האבען גענוג פארוואונדעט און געברענט מיט פייערדיגע אייזענס פון הילפלאזיגקייט און אונמעכטיגקייט די הערצער פון די ברייטע אידישע מאסען. טיראנען און טיראנעלאך, גענעראלען און פעלדוועבעלס, מאיעסטעטישע „גרויסקייטען" און אפיצערסקע שטיוועל־פוצער האבען זיך, פאר די זעקס יאהר, וואס ציהען זיך ווי אייביגע כף־הקל'עס, גענוג איזדזשעקעוועט איבער זיי, וואס זיינען שטענדיג געווען הפקר. פריצים און פויערים, גלחים און פאסקארזשעס, אינטעליגענטען און כאמעס האבען געטרונקען זייער בלוט און געלאבט זיך מיט זייער שוואכקייט. מיר, פון דער זייט ים, וואס האבען אויסגעמיטען אט די אויסגעגאסענע תוכחה, האבען געדארפט אויסקושען די טרערען אין זייערע אויגען, מיט ליבע און טרייהייט אויפהייבען די געפאלענע און געשענדעטע, העלפען זיי אויפבויען זייערע צובראכענע געצעלטען, כדי זיי זאלען אליין ווערען, אזוי שנעל ווי מעגליך, פעהיג צו העלפען זיך אליין.

אונזער הילף האט געדארפט זיין נאר א ברידערליכע, אזא וואס פארשעמט נישט, וואס באליידיגט נישט, וואס רופט נישט ארויס קיין שפיכות־דמים. אונזער הילף האט געדארפט זיין: אזא, וואס ווארעמט אן די הערצער פון די אומגליקליכע; אזא, וואס גלייכט אויס דעם רוקען פון אומבאהאלפענקייט און יאוש, א טרייסט, אן ערמוטיגונג, אן אנרעגונג פאר ארבייט, פאר שאפענדער, בויענדער ארבייט.

אונזער הילף האט געדארפט זיין א רעקאנסטרוקטיווע, אזא וואס ניט נישט אין האנט ארייין א פעני און צאפט אפ בלוט פאר ציהען; אזא, פאר וועלכער מ'דארף נישט אראפלאזען די אויגען. מיר האבען געדארפט אויפבויען פאר זיי קאאפעראטיווע שעפער, קינדער־היימען, קיכען, שולעס. מיר האבען געדארפט פינאנציעל פארשטארקען זייערע פראפעסיאנעלע ארגאניזאציעס (יוניאנס), וואס זיי אליין זיינען בכח אויסצוקעמפען ארבייט און גוטע באדינגונגען פאר דער ארבייט. מיר האבען געדארפט...

אבער ווי א בייזער שטן וואלט זיך דא ארייינגעמישט און מבלבל געווען אונזערע כונות און מבטל געמאכט אונזער ווילען און צושטערט אלע אונזערע פלענער און מחשבות. אונזערע בלוטיגע דאלארס און פענים, וואס מיר האבען געזאמעלט, האבען נישט געקענט פארווענדט ווערען דירעקט פון אונז. די „פיפעלס־רעליף" האט געמוזט אירע זאמלונגען איבערגעבען אין די הענט פון דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע, אין די הענט פון אידען, וואס האבען אינגאנצען אנ'אנדער קוק אויף הילפס־ארבייט. זיי, די באנקירען און פאבריקאנטען, בארוהיגען מיט צדקה זייער, נישט אימער רוהיגען, געוויסען. זיי אידעאליזירען דאס, וואס מיר פאראכטען. זיי פארהערליכען דאס, וואס מיר באשפייען. דורך זיי איז דאס די הילף צוטיילט געווארען און געפירט געווארען. און דער רעזולטאט איז געווען, ביז לעצטענס, מערסטענטיילס א פיינליכער, אויב נישט קיין שרעקליכער.

נישט גענוג וואס די אידישע פאלקס־מאסען אין פוילען, ליטא, גאליציע און אוקראינא האבען שוין גענוג אראפגעשלונגען גרינגשעצונג און ערנידערונג פון זייערע פייניגער און רוצחים, האבען זיי נאך געדארפט באקומען די מיזערנע גראשען־הילף דורך די שטענדיגע הענט פון די קהילות־פני, וואס וואשען זיך אין דער ערנידערונג פון זייערע ברידער, אין די בעסטע צייטען.

מיר רעדען שוין נישט פון דער גערעכטיגקייט פון דער חלוקה: אודאי האבען די קרובים און מקורבים פון די לעפעל־לייט געקריגען מעהר ווי די וואס האבען נישט קיין קרוב און קיין גואל; אודאי האבען גיכער געקריגען הילף די כלי־קודש, איידער די וואכעדיגע האלץ־העקער און וואסער־פירער; אודאי איז גיכער אויפגעריכט געווארען א תלמוד־תורה ווי א קינדער־היים, א מקוה ווי א ביבליאטעק, א שול ווי א קינדער־שולע, א חברה משניות ווי א קאאפעראטיווע חברה פון ארבייטער. מיר פארשטייהען, אז די באלעבאטים האבען אנדערש נישט געקענט האנדלען. אפילו דער בעסטער בער קען דאך פון זיין פעל נישט ארויסקריכען כל־זמן ער איז נאך א לעבעדיגער.

אבער וואס עס איז אם־ערגסטען און אם־שרעקליכסטען, וואס דורך אונזערע בלוטיגע פענים האבען די באלעבאטישע פאליטישענס אויף יענער זייט געקריגען איינפלוס און מאכט איבער די פאליטישע און עקאנאמישע ארבייטער־ארגאניזאציעס. פון דעם גרויסען פאלקס־אומגליק האבען זיי געשלאגען פאליטישען קאפיטאל, און ווי די לעצטע ידיעות גיבען איבער, נישט נאר געשלאגען. נאר אויך גענומען.

צוליב די אלע אורזאכען האט נאך מיט זיבען מאנאטען צוריק אונזער 20טע קאנווענשאן אין נוארק באשלאסען צו שטעלען אן אולטימאטום צו דער „דזשאינט" אין פאל זי וועט נישט ערלויבען דער פיפעלס רעליף קאמיטע צו שיקען געלט דירעקט צו די ארבייטער־אינסטיטוציעס, וועלכע מיר ווילען, וועלען מיר זיך אפטיילען פון איר און זעלבסטשטענדיג אנפירען אונזער רעליף־ארבייט. צוליב דיזעלבע אורזאכען האט מיט זעקס מאנאטען שפעטער אונזער נאצ. עקזעקוטיווע אויף א ספעציעל־גערופענעם מיטינג, נאך ליידענשאפטליכע דעבאטען, באשלאסען צו רעקאמענדירען צו דער פילאדעלפיער פיפעלס־רעליף קאנווענשאן, אז מיר זאלען זעלבסטשטענדיג פארטיילען אונזערע רעליף־פאנדען. ביי אלע די, וואס האבען אויף דער מיטינג פון דער עקזעקוטיווע געקעמפט פאר אפטיילען זיך, איז נאך דער שטאנדפונקט פון זעלבסטשטענדיגע ארבייטער־רעליף נאך מער פארשטארקט און באפעסטיגט געווארען דורך דעם אלזייטיגען באריכט פון די מלחמה לענדער, וואס האט געבראכט אונזער פריינד אב. עפשטיין, דער שליח פון פיפעלס־רעליף, צו דער קארלסבאדער רעליף־קאנפערענץ. נישט נאר א באריכט פון איינדרוקען, ציפערען און פאקטען האט ער אונז געבראכט. ער האט אונז אויך געבראכט ווארעמע גרוסען פון אונזערע ברידער. ער האט אונז געבראכט זייערע גערעכטע תביעות צו אונז. ער האט אונז געבראכט זייער פראטעסט און אומצופרידענהייט מיט דער ארבייט פון דער דזשאינט. מיר האבען זיך דורך איהם דערוואוסט, אז אויסער דעם ארבייטער־קאמיטעט אין ווארשא, באקומען כמעט קיינע ארבייטער־אינסטיטוציעס נישט קיין באדייטענדע הילף פון דער „דזשאינט" און אז אפילו דער ווארשעווער קאמיטעט מוז אויסבעטלען זיין הילף. מיר האבען דאס אלץ געהערט און מיר זיינען נאך מעהר אנטשלאסען געווארען. מיר האבען פארנומען אויף דער פילאדעלפיער קאנווענשאן די פאזיציע פון זעלבסטשטענדיגער הילף דירעקט דורך דער פיפעלס־רעליף צוזאמען מיט די פארטרעטער פון דער אידיישער סאצ. פעדעראציע, בונד, פועלי־ציון,

נאַציאָנאַלער אַרב. פאַרבאַנד און אייניגע פאַרטרעטער פון די יוניאָנס. צו אונזער גרויסען באַדויערען האָבען אונז די מערסטע פאַרטרעטער פון די יוניאָנס נישט פאַרשטאַנען. זיי האָבען זיך געשראָקען פאַר אַ צוטיילונג אין דער רעליף אַרבייט און זיינען נישט גענייגט געוועזן צו שטעלען זיך אויף אונזער פרינציפּיעלען שטאַנדפּונקט. מיט אַ פאַרוואונדעטען האַרצען האָבען מיר זיך אונטערגעגעבען צו אונזערע חברים פון די יוניאָנס נישט וועלענדיג אַריינברענגען קיין שפּאַלטונג אין אונזערע אייגענע אַרבייטער־רייהען. מיר האָבען זיך אונטערגעגעבען צייטוויילינג. מיר האָבען אָבער אונזער פּאָזיציע נישט פאַרלאָזען און נישט געענדערט. פאַרקערט, מיר האָבען איר נאָך מער פאַרשאַנצט און פאַרהאַרטעוועט. מיר זיינען איבערצייגט, אַז מיר וועלען אימשטאַנד זיין צו איבערצייגען אונזערע חברים אין די יוניאָנס און מיר וועלען געוויס טאָן אַלץ וואָס ס'ליגט אין אונזערע כחות צו איבערצייגען זיי.

מיר זיינען צייטוויילינג איינגעגאַנגען אויף אַ קאָמפּראָמיס. פאַרבלייבענדיג אין דער „דזשאָינט", פאָדערען מיר אָבער אויף דער עקזעקוטיווע פון דער פּיפּעלס־רעליף צו פאַרטיילען אַ טייל פון אונזערע פאָנדען דירעקט צו די אַרבייטער־קאָמיטעטען, ווען מיר וועלען געפינען פאַר נויטיג. און מיר וועלען יעצט שוין טאַקע אויפּפּאַסען, אַז דאָס זאָל אַמווייניגסטענס גלייך דורכגעפירט ווערען. מיר וועלען ביי יעדער געלעגענהייט דערמאָנען דער נייער אַדמיניסטראַציע פון דער פּיפּעלס־רעליף אירע פליכטען.

אום אָבער דער גאַנצער געוויכט פון אונזער גרויסען אָרדען זאָל זיך פילען אויף דער באַנייטער רעליף־טעטיגקייט, וועט נויטיג זיין אַ גוואַלדיגער אויפשוואונג פון אונזערע כחות אויף דעם רעליף־געביט. מיר דאַרפען פאַרטונקלען אַלץ וואָס מיר האָבען געטאָן ביז יעצט אויף דעם פעלד. אַלע ברענטשעס מוזען אויסגעריכט ווערען אין דער ליניע פון טעטיגקייט. אַלע מיטגלידער מוזען אויסגעמושטירט ווערען צו ווערען אַקטיוו אין דער הייליגער אַרבייט. אונזער גענעראַל עקזעקוטיוו האָט אונז אויפגערופען צו אַ קאַמפּיין פון פינף און זיבעציג טויזענד דאָלאַר, אָבער מיר מוזען ווי פריהער אונזערע אייגענע צילען איבערשפּרינגען.

און טאַקע דערפאַר, וואָס די צייט איז אַ שלעכטע, וואָס די צאָל פון די אונוויליגע געבער וועט זיין מעהר ווי פריהער — מוזען מיר פאַרצענפאַכען אונזער ענערגיע, מוזען מיר אָננעמען אַלע מיטלען צו אַריינצובלאָזען אַ נייעם גייסט אין דער רעליף־אַקציע. יעדער ברענטש מוז גלייך, אויב ער האָט נאָך נישט, ערוועהלען זיין רעליף־קאָמיטע. זאָלען אַלע וואַרעם־בלוטיגע און ענערגישע פריינד אַריינגעהן אַהין און ווייזען וואָס אידעאַליזם און באַגייסטערונג קענען אויפטאָן. זאָלען אונזערע „לידים אָקזילערים" אַריינטראָגען אין אונזער א.־ר. רעליף־אַרבייט זייער ברען און טרייהייט און מיר וועלען אויפהייבען אויף די פיס אונזער גאַנצע ריזיגע אַכציג־טויזענדיגע אַרמיי, אונזער אויסגעפּרובטע אַרמיי, פאַר דער אמת'ער ברידערליכער, אמת'ער פריינדשאַפטליכער, אמת'ער חבר'שער הילף צו אונזערע ברידער און שוועסטער, פריינד און מיטקעמפער אין די לענדער פון בלוט, נויט און טרערען.

* * *

**ערמוטיגען און אַנטוישען**

מיר וועלען אָבער אָפּנאַרען פיל ערוואַרטונגען. אויב מיר וועלען נישט מיט דערזעלבער ענערגיע זין אויפּאָפּערונג לאָזען זיך פילען אין דעם מיטגלידערשאַפטס־קאַמפּיין. צי עס וועט זיין שווערער דעם יאָר, צי נישט — צי עס איז אַ שטילער קריזיס, צי עס איז אַ פּאַניק, אָבער מיר וועלען מוזען אויפטרייסלען די פאַרגליווערטסטע אַפּאַטיע, מיר וועלען מוזען ברעכען אָפּהענגדיגקייט און פאַרשלאָפענקייט מיט אַלע אונזערע מיטלען. עס ליגט אַ חוב אויף די געוועזענע טוער, וואָס זיינען צוליב די אָדער יענע אורזאַכען אָפּגעשטאַנען און זיך צוריקגעצויגען כדי צו זעהן וואָס די פרישע רעקרוטען קאָנען אויפטאָן, אַז זיי זאָלען צוריק קומען אויף זייערע פּאָסטענס און העלפען אין דער אַרבייט. אַלע מוזען זיך אַרומשטעלען אַרום דער נאַציאָנאַלער פאַרוואַלטונג און טאָן אַלץ וואָס ס'איז מעגליך צו דערגרייכען די אָנציהענדע ליניע פון די הונדערט־טויזענד מיטגלידער ביז צו דער קאָנווענשאָן אין טאָראָנטאָ. אמת, עס זיינען געבליבען נאָך פינף חדשים און פאַר אַלע אונזערע זעקס הונדערט און פופציג ברענטשעס איז דאָס גאָר נישט קיין איבערנאַטירליכע זאַך אַריינצוברענגען אין דורכשניט 35 נייע מיטגלידער ביז'ן נעקסטען פריהלינג. אָבער אויב די ברענטשעס וועלען זיך פאַרלאָזען אויף

זייער נאַטירליכער ענטוויקלונג, אויב זיי וועלען בישט אויפשפּרודלען אַלע קוואַלען פון זייער טעטיגקייט, קענען מיר נאָך אַדורכפאַלען אין אונזער דערוואַרטונג.

צו אַלעם ערשטען מוזען אויפגעלעבט ווערען די ברענטש־מיטינגען. עס האָט שוין, ליידער, אין אַ סך ברענטשעס הערגרייכט צו אַזאַ מדרגה, וואו עס איז שווער צוזאַמענצוקלייבען אַ מנין. אַנדערע דענקען גאָר, אַז עס איז פיל באַקוועמער גאָרנישט צו מיטען און פיל ביליגער צו מיטען איינמאָל אין אַ יובל. אַזאַ צושטאַנד איז נישט נאָר אַ פאַרברעכען געגען דעם ברענטש אַליין, וואָס הויכט אויס ביסלעכווייז דעם לעצטען אָטעם פון לעבען, נאָר אויך געגען גאַנצען אָרדען. לעבט אויף אייערע ברענטש־מיטינגען. קומט זיך צוזאַמען און רעדט זיך דורך וועגען די אויפגאָבען, וואָס שטעהען פאַר'ן אַרבייטער־רינג אין יעצטיגען מאָמענט, וועגען די פּראָבלעמען פון דער אַרבייטער־באַוועגונג. אָרגאַניזירט דיסקוסיעס, פאָרלעזונגען. און גיט אייך די נאַציאָנאַלע עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע אַ געלעגענהייט צו אַראַנזשירען אַ לעקציע מיט אַ באַקאַנטען לעקטשורער — פאַרשלאָפט נישט די געלעגענהייט, אַראַנזשירט איהר. און מעגט זיך אייך אויבען־אויף אויסקוקען, אַז עס איז פאַר אייך נישט דער פּאַסענדסטער „דייט", וואָס איר וואָלט וועלען האָבען. פאַרשפּריזט די ביכער, וואָס די נאַציאָנאַלע עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע גיט פאַר אייך אַרויס מיט אַזוי פיל אָנשטרענגונג און פאַר אַזעלכע ביליגע פּרייזען.

און ווען איר וועט יעדע זאַך האָבען אויף איר פּלאַץ, ווען אַלע שרייבען און שרויפען אין דער מאַשינעריע פון אונזערע ברענטשעס וועלען זיין אין אָרדענונג, דעמאָלט איז נישטאָ קיין אורזאַך פאַרוואָס אויך אונזער מיטגלידערשאַפט־קאַמפּיין זאָל נישט אויפזידען אין דעם קעסעל פון אַלגעמיינער אַקטיוויטעט.

טויזענטער אויגען קוקען אויפ'ן אַרבייטער־רינג מיט קנאה און פּאַרדרוס. צענדליגער טויזענטער אויגען קוקען אויף איהם מיט ליבע, האָפענונג און ערוואַרטונג. זאָלען מיר נישט, אין דעם גרויסען קאַמפּיין, ערמוטיגען די ערשטע און אַנטוישען די צווייטע.

* * *

**צום צעניעריגען יובילעאום פון „פריינד"**

און אַזוי פייערען מיר שוין אויך דעם צעניעריגען יובילעאום פון אונזער אָפיציעלען אָרגאַן, פון „פריינד". פאַר זיין צען־יעריגער דינסט האָט ער זיך ערוואָרבען זיין פּלאַץ אין דער זון, וואָס שיינט אויף דעם גרויסען „גלאָוב" פון אַרבייטער־רינג. ער איז געוואָרען אַ פינגער פון די צען פינגער, וואָס נעמען איהם אַרום און האַלטען איהם צוזאַמען. ביי היינטיגען טאָג האָט שוין דער „פריינד" אפילו נישט קיין איינציגען ברענטש, וואָס זאָל וועלען אויף איהם אַרויפשיטען אַ לאָפּעטע ערד. דער יובילעאום פון „פריינד" איז אַלזאָ דער יובילעאום פון יעדען איינציגען ברענטש אין רינג — און ער דאַרף געטוזיאַזם קענען מיר פייערען אונזערע יום־טובים.

דער בעסטער אופן וואָלט געווען צו האָבען אַ גוט־באַזוכטען ברענטש־מיטינג און דיסקוטירען דעם כאַראַקטער פון דעם אָרגאַן, ווי ער איז און וואָס ער דאַרף זיין. זאָלען אויסגעטוישט ווערען מיינונגען, זאָלען אויסגעוועפּט ווערען פאַרביטערונגען, און אַזעלכע זיינען געוויס אויך דאָ. באַשליסט, אַז אַלע אַדרעסען זאָלען פון סעקרעטער רעווידירט ווערען און צוגעשיקט ווערען אין „פריינד"־דעפּאַרטמענט. און אַז איר וועט ווערען אויפגעלייגט, פאַרגעסט אויך נישט אָן דעם, אַז בעת מיר קענען זיך פאַרגינען צו האָבען אַן אָרגאַן, וואָס קאָסט אונז 32 סענט אַ יאָר, מאַכען אונזערע ברידער און „פריינד" אין די לענדער פון וואַנען מיר קומען די שווערסטע אָנשטרענגונגען אויפצוהאַלטען זייער פּרעסע, זייערע קינדער־שולען און קינדער־היימען, זייערע קאָאָפּעראַטיווען און יוניאָנס.

אויב איר מאַכט אין ערגעץ אַ באַנקעטעל לכבוד דעם יובילעאום פון „פריינד" (און פאַרוואָס טאַקע זאָלט איר זיך נישט פאַרגינען אַזאַ זאַך), פאַרגעסט זשע טאַקע נישט אָן אונזער רעליף־קאַמפּיין פאַר 75 טויזענד דאָלאַר.

נאָר מיט דעם אמת'ן פייער פון אידעאַליזם און ענטוזיאַזם קענען מיר פייערען אונזערע יום־טובים.

* * *

**אין עדיוקיישאָנאַל דעפּאַרטמענט**

אויסער די סעריע לעקציעס, וואָס פיל פון די אַרומיגע ברענטשעס, נישט ווייט פון ניו־יאָרק, אַראַנזשירען מיט דער הילף פון דער עדיוקיישאָנאַל דעפּאַרטמענט, גרייט יעצט צו די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע אַ דריי־מאָנאַטליכען טור מיט דעם באַקאַנטען בונדישען לעקטאָר, וואָס איז ערשט אַריבערגעקומען פון פּוילען,

(ענד אויף זייט 11)

# ווי אזוי דער „פריינד“ איז געשאַפען געוואָרען

פון דר. ב. האָפמאַן (צביון)



דר. ב. האָפמאַן (צביון)
ערשטער רעדאַקטאָר פון „פריינד“ פון 1910 אָן.

איך האָב געהאַט די זכיה צו זיין דער ערשטער רעדאַקטאָר פון „פריינד“ און דאַריבער געדענק איך אפשר בעסער ווי אַן אַנדערער ווי אזוי דער „פריינד“ איז געשאַפען געוואָרען.

דער „פריינד“ איז אַרויסגערופען געוואָרען אין לעבען דורך די צעהנטע יובילעאום קאָנווענשאָן פון אַרבייטער רינג, וועלכע איז דאַן אָבגעהאַלטען געוואָרען אין ניו יאָרק. עס איז געווען די ערשטע קאָנווענשאָן פון אַרבייטער רינג, וואו די פראַגע פון אויפקלערונגס און קולטור־אַרבייט האָט פאַרנומען אַזאַ וויכטיגען פלאַץ אויף דער טאַגעס־אָרדנונג. עס איז געווען אַ יום טוב'דיגע קאָנווענשאָן און אַ יום טוב'דיגע שטימונג, און דער פאָרשלאַג, אַז דער אַרבייטער רינג זאָל אַרויסגעבען אַן אייגענעם זשורנאַל איז אָנגענומען געוואָרען אָהן אַן איבריגען גרויסען קאַמף, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס דער פאָרשלאַג האָט געהאַט אויף דער קאָנווענשאָן גרויסע און שטאַרקע געגנער, באַזאָנדערס צווישען די עלטערע טהוער און פיהרער פון אַרבייטער רינג.

די געגנערשאַפט איז געקומען פון צוויי זייטען. צו אַלער ערשט די געוועהנליכע געגנערשאַפט צו יעדער נייער איינפיהרונג, און אַ אייגענער זשורנאַל איז געווען ווירקליך אַ גאַנץ נייע וויכטיגע איינפיהרונג אין אַרבייטער רינג. אַרגומענטען געגען דער נייער איינפיהרונג זיינען געווען אַ סך און מאַנכע פון זיי אפשר גאַנץ גערעכטע. אַ צווייטע געגנערשאַפט איז געקומען פון דער „צוקונפט“, און גראַד מיט דער געגנערשאַפט פון דער „צוקונפט“ האָט מען זיך זעהר שטאַרק געדאַרפט רעכענען.

די „צוקונפט“ איז דאַן געווען אַן אָרימע קרובה, וועלכע איז געווען אויף קעסט ביי די אידישע אַרבייטער אָרגאַניזאַציעס, באַזאָנדערס ביי די בראַנטשעס פון אַרבייטער רינג. האָט די אַסאָסיאיישאָן, וואָס האָט אַרויסגעגעבען די „צוקונפט“ און די פריינד פון דער „צוקונפט“ אין אַרבייטער רינג גע'טענה'ט, אַז ווען דער אַרבייטער רינג וועט אָנפאַנגען אַרויסגעבען אַן אייגענעם מאָנאַטליכען זשורנאַל, וועט דערמיט געשטעלט ווערען דאָס לעבען פון דער „צוקונפט“ אין געפאַהר. מיט דער דאָזיגער טענה האָט מען זיך געמוזט שטאַרק רעכענען. איז דאָך די „צוקונפט“ דער איינציגער אידישער סאָציאַליסטישער זשורנאַל, וואָס האָט זיך אזוי פיעל געפלאַגט אויף זיין לעבען, טאָ ווי קען מען טהאָן עטוואָס אַזוינס, וואָס זאָל שטעלען זיין לעבען אין געפאַהר?

האָבען אונז פאַרזיכערט די אַרויסגעבער און די פריינד פון דער „צוקונפט“, אַז דאָס פּראָגראַם פון דעם אַרבייטער רינג זשורנאַל וועט זיין אַזוי באַשרענקט און שטרענג „אַרבייטער־רינגיש“, דאָס ער וועט אין קיין פאַל ניט קענען זיין קיין קאָנקורענט פון דער „צוקונפט“.

די קאָנווענשאָן האָט דאַן באַשלאָסען אַרויפצולעגען אַ שטייער פון 5 סענט אַ קוואַרטאַל אויף יעדען מיטגליד, ערשטע און צווייטע קלאַס, פון אַרבייטער רינג אַרויסצוגעבען דעם זשורנאַל, און האָט אויך געוועהלט אַ פּרעס־קאָמיטע אין וועמענס הענט די אַרויסגאַבע פון זשורנאַל ווערט איבערגעגעבען. אין יענער צייט איז נאָך דער אַרבייטער רינג פאַרוואַלטעט געוואָרען פון אַן עקזעקוטיווע און פון „סטענדינג קאָמיטעס“. יעדער דעפּאַרטמענט פון אַרבייטער רינג האָט געהאַט אַ „סטענדינג קאָמיטע“, און אַלע סטענדינג קאָמיטעס זענען געשטאַנען אונטער דער אויפזיכט פון דער עקזעקוטיווע. אַזוי איז געווען אַ „סטענדינג קאָמיטע“ פאַר'ן סאַניטאַריום, אַ „סטענדינג קאָמיטע“ פאַר קראַנקען־בענעפיט א. אַ. וו. די „סטענדינג קאָמיטעס“ האָבען ניט געהאַט קיין באַשלוס־רעכט, זיי האָבען בלויז געקענט מאַכען רעקאָמענדאַציעס און אויספיהרען די באַשלוסען פון דער עקזעקוטיווע. צו אַלע פריהערדיגע „סטענדינג קאָמיטעס“ איז, אַלזאָ, אויך צוגעקומען אַ פּרעס־קאָמיטע.

איז די פּרעס־קאָמיטע זיך צונויפגעקומען און האָט פּראָבירט מאַכען אַ חשבון וואָס פאַר אַ זשורנאַל מען קען אַרויסגעבען פאַר 20 סענט אַ יאָהר פער מיטגליד. דער חשבון האָט געוויזען, אַז אויף אַ נומער מאַכט עס אויס אַ קנאַפּער סענט מיט דריי־פערטעל. אַ רעכט ביסעל צו ווייניג אפילו ביי דער גרעסטער עקאָנאָמיע. די קאָנווענשאָן אָבער האָט באַשלאָסען, אַז מען מוז אַרויסגעבען אַ זשורנאַל העלפט דאָך ניט און מען מוז אַרויסגעבען. די הויפּט־פראַגע איז אָבער געווען וואָס עס זאָל זיין דאָס פּראָגראַם פון זשורנאַל. מילא, אַ נאָמען האָט מען לייכט אויסגעפונען. ער דאַרף הייסען „פריינד“, אַ גוטער, שעהנער, קורצער און פּאַסענדעט נאָמען פאַר אַן אַרבייטער רינג זשורנאַל. אָבער וואָס זאָל אין „פריינד“ געדרוקט ווערען? מען טאָר דאָך ניט פאַרגעסען, אַז דער „פריינד“ טאָר זיך ניט פאַרוואַנדלען אין אַ קאָנקורענט פון דער „צוקונפט“ און אַז ער מוז זיין שטרענג „אַרבייטער־רינגיש“. די פּראָגראַם־פראַגע איז, אַלזאָ, באַשטאַנען פון צוויי טיילען: ערשטענס, וואָס איז נויטיג צו דרוקען, אַז דער „פריינד“ זאָל זיין אַ ווירקליכער אַרבייטער רינג זשורנאַל, און וואָס מען טאָר ניט דרוקען, כדי ער זאָל ניט קאָנקורירען מיט דער „צוקונפט“.

האָט מען גענומען פּאַפּיער מיט אַ טינט און פעדער און אָנגעפאַנגען פאַרשרייבען:

אַרטיקלען וועגען דער טעטיגקייט פון אַרבייטער רינג, וועגען זיינע אויפגאַבען און פּראָבלעמען. אַלע איינשטימיג. אַרטיקלען וועגען לעבענס־פאַרזיכערונג, קראַנקען־פאַרזיכערונג

און פאַרשידענע אַנדערע מינים פאַרזיכערונגען. אַלע אײנשטימיג. אַרטיקלען וועגען אָרדערס, געגענזייטיגער פאַרזיכערונג און קאָאָפּעראַטיוון. נו, מהיכא תיתא, אַלע אײנשטימיג. אַרטיקלען וועגען היגיענע. נו, געוויס. היגיענע האָט אַ שייכות צום אַרבייטער רינג. ווען די מיטגלידער וויסען ווי אָפּצוהיטען זייער געזונד, וועלען זיי זיין וועניגער קראַנק וועט מען דאַרפען צאָהלען וועניגער קראַנקען־בענעפיט. אַרטיקלען וועגען פיזישע קינדער־ערציהונג. דאָס איז שוין אַ פראַגע. וואָס פאַר אַ דירעקטע שייכות האָבען אַזעלכע אַרטיקלען צום אַרבייטער רינג? פאַר קינדער צאָהלט דאָך דער אַרבייטער רינג ניט קיין קראַנקען־בענעפיט. האָט מען זיך אָבער דורכגערעדט און עס איז געבליבען, אַז הגם קיין דירעקטע שייכות צום אַרבייטער רינג האָט ניט די פראַגע פון פיזישע קינדער־ערציהונג, וועט עס אָבער דאָך זיין בעסער פאַר'ן אַרבייטער רינג, ווען די פרויען פון די אַרבייטער רינג מיטגלידער וועלען וויסען ווי צו ערציהען זייערע קינדער, אַז זיי זאָלען זיין געזינטער. אַנדערע האָבען טאַקע אויך געזוכט צו באַווייזען, אַז די פראַגע האָט אַ דירעקטע שייכות. ווען די קינדער זענען קראַנק איז שווער צו צאָהלען די בילס אין אַרבייטער רינג און דער רעזולטאַט איז אַ גרעסערע שטרייך־ליסט צום ענד פון קוואַרטאַל. שוין בעסער, אַז די קינדער פון אַרבייטער רינג מיטגלידער זאָלען זיין געזונד. דערביי איז געווען אַן אַרגומענט, אַז מען דאַרף געבען אַזעלכע אַרטיקלען אין „פריינד", כדי די פרויען פון די אַרבייטער רינג מיטגלידער זאָלען אויך קענען זיך פאַראינטערעסירען מיט דעם אַרבייטער רינג זשורנאַל. באַשלאָסען, אַלזאָ, אַז אַזעלכע אַרטיקלען זאָלען געדרוקט ווערען. איצט קומט דאָס שווערסטע. אַרטיקלען וועגען סאָציאַל־עקאָנאָמישע פראַגען און זייער צוזאַמענהאַנג מיט'ן אַרבייטער רינג. וואָס איז דאָס אַזוינס און וואָס מיינט עס? ערשטענס, וואָס פאַר אַ דירעקטען שייכות האָבען סאָציאַל־עקאָנאָמישע פראַגען צום אַרבייטער רינג? צווייטענס, וועט עס ניט זיין אַ קאָנקורענציע פאַר דער „צוקונפט"? מילא, אַ שייכות פון סאָציאַל־עקאָנאָמישע פראַגען צום אַרבייטער רינג קען מען געפינען. עס איז דאָך אַן אַרבייטער־אָרגאַניזאַציע און דער צושטאַנד פון אַרבייטער רינג און זיין אַנטוויקלונג העננט זעהר פיל אָפּ פון דעם סאָציאַל־עקאָנאָמישען צושטאַנד פון די אַרבייטער. עס איז, אַלזאָ, פאַראַן אַ וועג ווי אַריינצוטייטשען אַזעלכע אַרטיקלען אין דעם פּראָגראַם פון אַן אַרבייטער רינג זשורנאַל, אָבער וואָס טוט מען מיט דער „צוקונפט"? וועלען דען אַזעלכע אַרטיקלען ניט זיין אַ קאָנקורענציע פאַר דער „צוקונפט"? מען דאַרף מיט אַזעלכע אַרטיקלען זיין זעהר פאָרזיכטיג. זיי דאַרפען זיין באַשרענקט. מען דאַרף דרוקען בלויז אַזעלכע, וועלכע באַהאַנדלען פראַגען, וועלכע מען קען דירעקט פאַרבינדען מיט'ן אַרבייטער רינג. מילא, זאָל זיין אַזוי. און וואָס איז מכח אַ שטיקעל בעלעטריסטיק פון צייט צו צייט, אָדער אַ לידעל? חס מלהזכיר! זאָל גאָט אויסהיטען. אפילו ניט קיין אַרבייטער רינג בעלעטריסטיק. אײנשטימיג געגען.

נאָר אָננעמען אַ פּראָגראַם אויפ'ן פּאַפּיר און דורכפיהרען אַ פּראָגראַם אין לעבען זענען צוויי פאַרשידענע זאַכען. שטעלט אייך, למשל, פאָר ווען דער רעדאַקטאָר קריגט אַן אַרטיקעל איבער וועגעטאַריאַניזם, זאָל ער איהם דרוקען אָדער ניט? דער שרייבער פון אַרטיקעל באַהויפּטעט, אַז ווען מען עסט וועגעטאַרישע שפּייזען איז מען געזונד, וועהרענד פון פליישיגע שפּייזען ווערט מען קראַנק. באַשליסט דער רעדאַקטאָר, אַז אַזאַ אַרטיקעל באַלאַנגט צו היגיענע און ער מעג איהם דרוקען. קומט אָבער אַ מיטגליד פון דער פּרעס־קאָמיטע און דריקט אויס זיין מיינונג, אַז וועגעטאַריאַניזם האָט מיט היגיענע גאָרנישט צו טאָן. עס איז גיכער אַ פּאַרטיי־זאַך, אַ באַוועגונג, און געהט זיך ניט אָן מיט'ן „פריינד".

נאָר וואָס זאָל איך לייקענען, איך האָב די אָנגענומענע פּראָגראַם ניט פּינקטליך אָפּגעהיט, איך האָב אָפּט געגען איהר געזינדיגט, נאָר אַזוי ווי אידען זיינען קיין גזלנים ניט, איז עס ווי־עס־איז אַראָפּגעגאַנגען.

פיל ערגער איז שוין געווען מיט די פינאַנסען. פאַר 5 סענט אַ קוואַרטאַל האָט מען דעם „פריינד" ניט געקענט אַרויסגעבען אפילו אין יענע ביליגע יאָהרען, און עס האָט זיך אָנגעקליבען צו דער נעקסטער קאָנווענשאָן אין ראָטשעסטער אַ גאַנץ היבשער דעפיציט. אויף דער דאָזיגער קאָנווענשאָן האָט דער „פריינד" פאַרנומען אַ גאַנץ בכבוד'יגען פּלאַץ אויף דער טאָגעס־אָרדנונג. די געגנער פון אַן אייגענעם זשורנאַל פאַר'ן אַרבייטער רינג האָבען אויף דער קאָנווענשאָן גאַנץ שטאַרק מאָביליזירט זייערע כחות און האָבען אויפגענומען אַן ענערגישען קאַמף איהם אָפּצושאַפען. אָבער די מאָביליזאַציע איז געווען אומזיסט. די קאָנווענשאָן האָט באַשלאָסען גוט צו מאַכען דעם דעפיציט און פאָרטזעצען אַרויסגעבען דעם „פריינד". און עס איז טאַקע געווען די ראָטשעסטער קאָנווענשאָן, וועלכע האָט געמאַכט דעם „פריינד" פאַר אַ תושב אין אַרבייטער רינג, ווייל נאָך דער דאָזיגער קאָנווענשאָן האָבען אפילו די שטאַרקסטע געגנער זיינע אָנגעפאַנגען צווייפלען, אויב זיי וועלען איהם קענען אָפּשאַפען.

און ווען איך דערמאָן זיך יענע יאָהרען פון אַרבייטער רינג בענק איך נאָך זיי. עפּעס איז דאַן געווען דער אַרבייטער רינג פיל אינטערעסאַנטער. אמת, מען האָט זיך אַ ביסעל אַרומגעקריגט, אַ ביסעל אַרומגעריסען, אָבער דאָס איז געווען אַ רעזולטאַט פון אינטערעס אין דעם אַרבייטער רינג, אַ רעזולטאַט פון יוגענד און פון לעבען. ווען אַלעס אָבער פאַנגט אָן געהן גלאַט און רוהיג, ווען עס הערען אויף עקזיסטירען מיינונגס־פאַרשידענהייטען, איז אַ סימן פון פאַרלאָרענער אינטערעסע, אָדער אַ סימן פון אַלטקייט.

מאַני לייב:

# דער קאַרניוואַל

(פון איטאַליעניש)

מוזיק פון ראָסיני

מיר די בלינדע בעטלער לעבען,
אַז דער רייכער טוט אונז געבען
אין אַ טאָג פון פרייד און יום־טוב.
פאַר די בעטלער עפּעס שענקט, עפּעס שענקט...

מיידלאַך, ווייבלאַך, שיינע, גוטע
שענקט די בעטלער נאָר אַ פּרוטה.
אייער שיינקייט איז פאַרשטעלט אונז —
וויזט ווי גוט איז אייער האַרץ, עפּעס שענקט...

מיר די בלינדע בעטלער זינגען,
פריילאַך מיט די פּושקעס קלינגען.

הערט ווי אונזער ליד איז פריילאַך
מיט דאָ, רע, מי, פאַ, סאָל, לאַ
און מיר זינגען: עפּעס שענקט, עפּעס שענקט!

מיר זענען אײדעל, כאָטש מיר זענען בעטלער בלינד;
מיר דאַנקען האַרציג פאַר אַל'ץ, וואָס מען שענקט אַצינד.
שענקט אַ נדבה אונז, שענקט מענשען גוטע,
איהר געהט פאַרביי אונז—וואַרפט אונז כאָטש אַ פּרוטה!
שענקט אַ נדבה אונז, מיר זענען בלינד,
אוים איז דער קאַרניוואַל און פאַרשווינדט...

# דער שם-המפורש

פון א. ש. זאקס



א. ש. זאקס
דער צווייטער רעדאקטאר פון „פריינד" פון 1913 אן.

פון די פיעל־פיעל וואונדערשעהנע קינדער־מעשות, וואס ...ער רבי פלעגט אונז דערצעהלען אין חדר, האט א באזונדערן ...יינדרוק אויף מיר געמאכט די מעשה מיט דעם שם המפורש.

דאס איז געווען ווינטער ביינאכט.

...דרויסען איז געווען א שטארקער ווינט און שנעע. דער ...טורעם האט געריסען מיט גרוים כעס די לאדענס פון די ...ענסטער. אין שטוב איז אבער געווען ווארעם. דער לאמפ ...אט געברענט העל און ליכטיג. די רבי'צין איז געזעסען ערגעץ ...ין א ווינקעל און האט געשטריקט א זאק. דער רבי גופא איז ...ועזען אויפגעליינט און האט זיך געמאכט ניט קוקענדיג אויף ...שטיפערייען פון דער קלענערער כתה, וואס האט דעם ערשטען ...ן געלערנט חומש.

...מיר, פון דער עלטערער כתה, זענען געזעסען ארום אפענע ...פדים מיט גרוים דרך־ארץ, גאר אזוי ווי אמת'ע גרויסע. מיר ...אבען געפיהלט, אז דער רבי וועט אונז אט גלייך דערצעהלען ...פעס אזוינס, וואס מיר האבען נאך ביז איצט ניט געהערט. ...ער גאנצער חדר איז געווען איינגעהילט אין א סוד, וועלכער ...ארף אין גיכען פאר אונז אנטפלעקט ווערען, און מיט קלא־ ...עדיגע הערצלעך האבען מיר געווארט אויף דער רגע, ווען דער ...בי וועט אנהויבען.

דער רבי האט זיך אבער ניט נעאיילט. ער איז געזעסען ...רהבה'דיג אויף זיין ארט אויבען אן פון טיש, זיך געריבען ...י אויגען, געשנייצט די נאז, אזוי ווי ער וואלט געוואלט מיט א כיון אפשטופען די מינוט, וואס האט אזוי געהיימניספול גע־וואונקען צו אונז.

מיט אמאל האט דער רבי זיך פארטיפט אין זיינע מחשבות. זיינע שווארצע קראנקהאפטיגע אויגען האבען זיך אוועקגערוקט ווייט, ווייט אונטער זיינע גרויסע, געדיכט־באוואקסענע ברעמען און האבען אנגעפאנגען בליצען. ער האט א מאך געטון מיט דער האנד צו אונזער חבר, וועלכער איז געזעסען גראד קעגען איהם איבער'ן טיש, און יענער האט אנגעפאנגען מיט א קלארען, שעה־נעם אבער ניט שטארק הויכען קול'כעל:

— והיה באחרית הימים . . .

— ער מיינט דא — האט דער רבי אונז פארטייטשט — ער מיינט דא... לעתיד לבוא... ווען משיח וועט קומען...— האט ער נאך אמאל אזוי ווי פאר זיך איבערגע'חזר'ט מיט א פארשטיקטער שטים.

און דער רבי האט אויפגעהויבען זיין קאפ און אנגעפאנגען שטיל, געהיימניספול, אזוי ווי ער וואלט מורא געהאט, דער שטורעמווינט זאל חס וחלילה ניט ארויסכאפען א פאר ווערטער און זיי פארטרייבען ערגעץ־וואו אין אן אומריינעם ארט, צו דערצעהלען וואס עס וועט זיך אפטאן אין משיח'ס צייטען...

— אפריהער, איידער ער וועט קומען, וועט זיין א גרויסע מלחמה — האט דער רבי ווייטער דערצעהלט. — די מלחמה פון גוג ומגוג. איין האלבע וועלט וועט מלחמה האלטען מיט דער צווייטער האלבער וועלט. א סך מענשען, מעהר ווי רבוא רבבות אלפים, וועלען אויסגעקוילעט און גע'הרג'עט ווערען. די מענשען וועלען זיך ברענען און בראטען אין די פייערן פון גיהנום. לילית מיט איהרע פיער און צוואנציג טויזענד שדים וועט שפאצירען פראנק און פריי איבער שטעט און דערפער און וועט ווערגען, שטיקען און טויטען די, וועלכע זענען נצול גע־ווארען פון דער מלחמה. ס'וועט זיין צרות. מיט אלע צעהן מכות וועט די זינדיגע וועלט געפלאגט ווערען. און דערנאך וועט די מלחמה זיך ענדיגען און דעמאלט...

— וועט משיח קומען! — האט איינער פון אונז זיך ארויסגעכאפט.

— יא, דעמאלט וועט משיח קומען — האט דער רבי מסכים געווען. — אבער ניט דער אמת'ער משיח, נאר דער פאלשער משיח... משיח בן יוסף...

און זעהענדיג, אז מיר זיצען אין איין מורא פאר די מלחמה־שרעקען און פאר דעם פאלשען משיח, האט ער גלייך אונז גע־טרייסט:

— אבער משיח בן יוסף וועט זיך לאנג ניט האלטען אויף דער וועלט. ער וועט ניט האבען קיין גרויסען קיום. עס וועט גלייך אויפשטעהן דער אמת'ער משיח, משיח בן דוד...

— משיח בן יוסף — האט ווייטער דער רבי אונז פאר־זיכערט — וועט זאמלען א סך חיל. ער וועט אויך האבען מי יודע וויפיעל אייזערנע און בלייענע געוועהר. ער וועט האבען לרוב שווערדען און שפיזען. אבער גאט וועט אפטאן פון איהם די הצלחה און ער וועט געשלאגען ווערען פון ־עם אמת'ן משיח, פון משיח בן דוד, וועלכער וועט האבען א קלענערן חיל און וועניגער שווערדען און שפיזען.

— דער פאלשער משיח — האט דער רבי אונז ווייטער דערצעהלט — וועט געהן איבער אן אייזערנעם בריק, און דער אמת'ער משיח, משיח בן דוד, וועט געהן איבער א פאפירענעם בריק... און דא וועט געשעהן א נס... דער אייזערנער בריק וועט זיך איינברעכען און משיח בן יוסף וועט מיט זיין גאנצען חיל, מיט אלע זיינע רייטוועגען און רייטער, ארייגפאלען אין ים אריין, אבער משיח בן דוד וועט זיך געהן זיכער אויף דעם פאפירענעם בריק און וועט אנקומען בשלום אין ירושלים אריין.

— רבי, און די שווערדען און די שפיזען פון משיח בן דוד'ס חיל וועלען אויך זיין פאפירענע? — האט א פרעג גע־טון א אינגעל פון מיין כתה, וועלכער פלעגט אויף תשעה באב האבען דעם בעסטען אויסגעשניצטען שווערדעל און האט זיך דעריבער געהאלטען פאר א מבין אויף כלי־זין.

— יא, זוהנעלע. און די שווערדען און די שפיזען וועלען אויך זיין פאפירענע, און די רייטוועגען וועלען אויך זיין פאפי־

# פאַרגעסענע שטריטען

פון פיליפּ קראַנץ



פיליפּ קראַנץ
דריטער רעדאַקטאָר פון „פריינד“, פון 1915־1918

אין זיין 10־יעהריגען לעבען האָט דער „פריינד“ געה
א סך צו פּאַקען און צו מאַזלען. שווערע קריזיסען האָט
דורכגעמאַכט. מיר איז עס גראָד אויסגעקומען צו ווערען
רעדאַקטאָר אין איינעם פון די באַזונדערס קריטישע מאָמענט
ווען עס האָט געקאָכט און געשטורעמט אין גאַנצען „ארבייט
רינג“ מיט א קאַמף צווישען „די יונגע און אַלטע“ און ווען
דער ווייטענס האָט עס זיך געדוכט, אַז אָט קומט גאָר א
צום גאַנצען אָרדען, וואָס די אויפגעקלערטע אידישע ארבייט
אין אמעריקא האָבען אויפגעבויט נאָך אזוי פיעל מיה, אַנשטר
גונגען און אויך זעלבסט־אָפּפערונגען.

אָבער ניט נור האָט מען אויסגעהאַלטען און איבערגעלע
אויך דעם דאָזיגען שטורעם, זאָנדערן דער „ארבייטער רינג“ ה
זיך אַלץ טיעפער איינגעוואָרצעלט און זיך פאַנאַנדערגעוואַק
און פארצווייגט אַלץ ברייטער און שטאַרקער. נאָך מעהר
מען האָט שוין גאָר פארגעסען אָן יענע שטורעמדיגע יאָהר

„יונגע און אַלטע!“ — ווי לאַנג צוריק האָט מען עס
אזוי פייערדיג ארומגעריסען אין אַלע ברענטשעס פון „ארב
טער רינג“? און וויפיעל טינט האָט מען פארגאָסען דורך
אויך אין „פריינד“? דאָ די „אַלטע“, דאָרט די „יונגע“ —
אָהן אָן עק. און היינט? אָה, אזוי ווי עס וואָלט גאָר ניט גע
אָט ווי א פאר־א־יאָהריגער שנעע. עס איז עפּעס ווי א בלע
פון אַן אַלטער געשיכטע, זאָגאַר ווי א חלום.

און ווען איך סטאַרע זיך יעצט, בשעת איך שרייב די
זיגע צייל֞ען, צו דערמאָנען אָן יענע שטורעמדיגע צייטען,
הכל מיט א יאָהר פינף־זעקס צוריק, רייסען זיך אויך אין
מוח עראינערונגען און געדאַנקען איבער די שטרייטען, ווי
טען שרעקליך בלוטיגע, פון סעקטען און פארטייען, וועל
האָבען געשפּיעלט גאָר וויכטיגע ראָלען אין דעם לעבען פון
צעלנע פעלקער און אין דער וועלט־געשיכטע בכלל. אָה,
צייט מאַכט פארגעסען אָן אַלעם!

אין דער גרויסער וועלט איז עס ווי אין דער קליי
וועלט. די ברענענדיגסטע פראַגען פון איין צייט ווערען
פארגעסען אין א פּאָר דורות ארום. און נאָכהער ווערט
אפילו שווער צו פארשטעהן ריכטיג און גרינדליך, צוליעב
מען האָט עס זיך אזוי פיעל ארומגעריסען און אויך טייכען
פארגאָסען.

אָט ליגט יעצט פאר מיינע אויגען א דיקער און וויכטי

רענע — האָט דער רבי מיט גרויס זיכערקייט אונז צוגעזאָגט.
און ווען ער האָט דערזעהן, אַז אונזער קינדערשער שכל
קען נאָך ניט באַגרייפען, ווי אזוי א פּאַפּירענער בריק מיט פּאַ־
פּירענע שווערדען און פּאַפּירענע רייטוועגען זאָלען זיין שטאַר־
קער פון אַן אייזערנעם בריק מיט אייזערנע שווערדען און שפּיזען
און רייטוועגען, האָט ער זיך מעהר צוגעבויגען צו אונז און
וואַרפענדיג א קוק אין הויז, צו זיין זיכער, אַז קיין זייטיגער
מענש הערט ניט, האָט ער מיט א גאַנץ שטילער שטים אונז
איינגערוימט:

— אויף זיי, קינדערלעך מיינע, וועט זיין אויסגעקריצט
דער... דער שם המפורש...

דעם רבי'נס ענטפער האָט אונז אין גאַנצען באַרוהיגט. מיר
האָבען גלייך תופס געווען אין וואָס ס'וועט ליגען דער כח פון
משיח בן דוד'ס חיל. און מיר האָבען שוין מעהר קיין שאלות
ניט געפרעגט. אַלץ איז פאַר אונז געוואָרען קלאָר; דער גאַנצער
סוד פון דעם קץ איז פאַר אונז נתגלה געוואָרען — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — —

* * *

זינט יענעם אָווענד זיינען פארבייגעלאָפען אַן ערך דריי
...עהנדליג יאָהרען. דער רבי איז שוין לאַנג אויפ'ן עולם האמת.
...ן אונזער חדר איז שוין קיין זכר ניטאָ. פון אונזערע תנכ'ן
...ז געוואָרען שמות, און די שמות גופא זענען שוין אויפגע־
...סען געוואָרען פון אַלטקייט. די חברים פון אונזער כתה
זענען צעזייט און צעשפּרייט אין אַלע פיער עקען וועלט. דעם

רבינ'ס מעשות זענען פון אונזערע מוחות ארויסגעשטויסען
וואָרען דורך געזעצען, טעאָריעס און השערות פון פארשיד
וויסענשאַפטען. דער ים פון לעבען האָט פון אונז ארא
וואַשען דעם אַלטען שטויב פון דער אַמאָליגער חדר־לופט. אב
גראָד די לעצטע צייטען, ווען איך זעה ווי א גאַנצע וועלט,
וואָפּענט מיט אייזען און מיט שטאָל געהט ארוים אין א מלח
קעגען א הויפען מענשען, וואָס זייער גאַנצע געוועהר באַשטע
אין פּאַפּירענע פּראָקלאַמאַציעס, איז מיר צוריק ארויפגעקו
אויפ'ן געדאַנק דעם רבי'נס אַלטע משעה'לע.

* * *

דער כח פון שם המפורש איז ארויפגעשוואומען אין
זכרון אויך איצט, ווען איך האָב זיך גענומען שרייבען צו
10־יאָהריגען יובילעאום פון דעם ארבייטער רינגס אָפיציע
אָרגאַן.

זייט וויסען, מיינע פריינד, אַז דער סוד פון דעם אר
טער רינגס שטאַרקייט ליגט ניט אין די מעטאַלענע מטבע
וואָס ער צאָהלט אויס צו זיינע מיטגלידער אין דער פאָרם
פארשידענע בענעפיטס. דאָס טוען אויך אַנדערע אָרדע
אפשר ניט אזוי שעהן און גוט ווי דער ארבייטער רינג, אָב
זיי טוען דאָס.

דער כח פון ארבייטער רינג באַשטעהט אין זיינע פּאַ
רענע געוועהר, אין זיין אויפקלערונגס־ארבייט... אָט דאָרט
וואו עס געפינט זיך דער שם המפורש.

ווילט איהר האָבען א פעלזען־שטאַרקען אָרדען, היט
דעם שם המפורש!...

זיך איבער דער געשיכטע פון אַ מערקווירדיגער צייט אין וועסט־אייראָפּאַ. דאָס איז געווען די צייט, ווען עס האָט זיך אָנגע־פאַנגען די אויפלעבונג פון פילאָזאָפיע און קונסטען אין פינ־סטערן מיטעלאַלטער; די צייט, וועלכע ווערט טאַקע מיט רעכט גערופען „רענעסאַנס“ (מיינט: ווידערגעבורט, אויפלעבונג). דאַמאָלס, ערשט מיט אַ יאָהר זעקס הונדערט צוריק, האָט עס דער פרייער געדאַנק גענומען בליצען דורך די דיקע, פינסטערע וואָלקענס פון דער קאַטוילישער קירכע, און נאָך יענע בליצען, וועלכע האָבען צוערשט זיך געטראָגען איבער די שטעדט פון נאָרד־איטאַליען, האָבען געפאָלגט די דונערן פון ד״ר רעפאָר־מאַציע אין דייטשלאַנד און שפּעטער די דונערן פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע.

און אין יענע צייטען האָט מען עס גראַדע אין די גרעסטע איטאַליענישע צענטערס פון דער ניי־אויפגעלעבטער גריכישער פילאָזאָפיע און פון השכלה אין אַלגעמיין געפיהרט אַ לאַנ־גען, ביטערן און בלוטיגען פּאָליטישען פּאַרטיי־קאַמף. דאָס איז געווען דער קאַמף צווישען די גיבעלינען, ווי מען האָט גערופען די אָנהענגער פון די זאָגענאַנטע רוימישע קייזערס, וועלכע זענען גאָר געווען דייטשען, און די געלפען, ווי מען האָט גערופען די אָנהענגער פון די רוימישע פּאַפּסטען. איין איטאַליענישע שטאָדט האָט געפיהרט שלאַכטען מיט אַן אַנ־דערער אין דעם דאָזיגען פּאַרטיי־קאַמף, וועלכען עס איז היינט שווערליך צו באַנעמען, ווען מען גריבעלט זיך אפילו אין דער געשיכטע פון יענער רענעסאַנס־צייט. ניט איין שטאָדט איז אויך צושטערט געוואָרען אין דעם דאָזיגען קאַמף. און די זיינערס האָבען ביטער פאַרפאָלגט זייערע באַזיעגטע געגנער, און איינער פון די באַריהמטעסטע אָפּפער פון דעם דאָזיגען קאַמף איז געווען דער „געטליכער“ דאַנטע, וועלכער ווערט אָנ־גענומען פאַר דעם גרעסטען פּאָעט ניט בלויז פון איטאַליען, נאָר אויך פון דער וועלט. אָט דער דאָזיגער געניאַלער פּאָעט, וועלכער ווערט אויך גערעכענט פאַר איינעם פון די ערשטע משכלים אין מיטעלאַלטער, האָט גראַדע געהערט צו די גיבע־לינען אָדער צו דער קייזערליכער פּאַרטיי. פאַר וואָס אָבער — דאָס קען איך שוין ניט פאַרשטעהן.

נור צו וואָס פאַרקריכען אזוי ווייט אין דער פאַרגאַנגענ־הייט? אָט קען איך יעצט אַלץ ניט פאַרשטעהן, פאַר וואָס, למשל, מאַקסים גאָרקי איז שליסליך צוגעשטאַנען צו די באָל־שעוויקעס און לעאָניד אַנדרעיעוו איז אזוי פייערדיג ארויסגע־טראָטען געגען זיי. און ווי וועט שוין זיין, טראַכט איך, אין די קומענדע דורות? ווער ווייסט, אפשר וועט מען אין אַ פאָר יאָהרהונדערטע ארום אזוי פאַרגעסען אָן די נעמען „באָלשע־וויקעס“ און „מענשעוויקעס“, ווי היינט אָן די נעמען „גיבע־לינען“ און „געלפען“, אָדער אפילו אָן די נעמען „זשיראָנדיסטען“ און „יאַקאָבינער“... טאָ וואָס איז זיך צו וואונדערן, אַז אין „אַרבייטער רינג“ האָט מען שוין פאַרגעסען אָן דעם קאַמף צווי־שען די זאָגענאַנטע „יונגע און אַלטע“?

נאַטירליך נייע צייטען — נייע ליעדער. אָבער אָפט דוכט עס זיך נור, אַז די ליעדער זיינען נייע, ווייל מיר פאַרגעסען שנעל די אַלטע ניגונים... יאָ, ניט אַלעס איז גאָלד, וואָס עס בליסטשעט, און ניט אַלעס איז ניי און יונג, וואָס עס רופט זיך מיט אַ נייעם נאָמען און מאַכט אַ יוגענדליכען איינדרוק פון ערשטען בליק אָדער פון דער ווייטענס.

דער עיקר איז אריינצודרינגען וואָס טיעפער אין דער ריכ־טיגער באַדייטונג פון ווערטער און נע־מען און ניט צו לאָזען זיך פאַרבלענדען פון הויך־קלינגענדע רעוואָלוציאָנערע פראַזען. דאַמאָלס ווערט מען שוין ממילא טאָלעראַנט, וואָס עס מיינט אויך פילאָזאָפיש; דאַמאָלס זוכט מען צו פאַרשטעהן וואָס בעסער איינער דעם אַנדערען, צו שעצען דעם אַנדערענס מיינונגען און צו לעבען בשלום. „וויסען הייסט פאַרצייהען“ — אזוי האָט אַמאָל געזאָגט דער ערהאַבע־נער פראַנצויזישער פּאָעט וויקטאָר הוגאָ, און אזוי איז עס טאַקע.

אַלענפאַלס ווינש איך פון גאַנצען האַרצען דעם „אַרבייטער רינג“ און זיין אָרגאַן דעם „פריינד“ לאַנגע, רוהיגע, פרידליכע און ערפאָלגרייכע יאָהרען אויף אַלע ווענען פון אמת'ן פראָגרעס. זאָלען טאַקע אזעלכע אויפגעבלאָזענע שטרייטען און רייסעריִען, ווי צווישען די „יונגע“ און די „אַלטע“, אויסגעמעקט ווערען פון זכרון און פאַרשווינדען אין תהום פון פאַרגעסענהייט.

---

# דער אָדלער און די היהנער

(פאַבעל)

פון נחום י.

געקומען איז אַמאָל דעם אָדלער אַ געדאַנק
אַראָפּצופ...ען אויף אַ הויף מיט היהנער.
(עס טרעפט אַמאָל: מלכים האָבען אַ פאַרלאַנג
צו זיין אַ ביסעל צייט צוזאַמען מיט די דינער.)
און ווענען דעם דער קלאַנג
האָט איבער הויף זיך שנעל צוטראָגען.
אַ קלייניגקייט צו זאָגען —
עס דאַרף דער אָדלער קומען!
און אַלע האָבען זיך גענומען
אָן אָרדענונג צו מאַכען דאָרט אין הויף.
און ס'איז געוואָרען דאָרט אַ טומעל אַ געלויף —
עס קומט דער מלך.
נאָר זאָגען, אַז די היהנער זיינען שטאַרק געוועזען פרעהליך,
וואָלט מיט דעם אמת ניט געשטימט:
דער אָדלער איז דאָך אזוי פיל באַריהמט,
און אויפנעמען איהם איז אַ זאַך אַ שווערע.
ס'איז טאַקע גרויס די עהרע,
נאָר נאָך גרעסער דער שרעק.
און ווירקליך אַלע האָבען זיך געפיהלט דערשראָקען:
די קוואָקעס האָבען אויפגעהערט צו קוואָקען,
דער עלטסטער האָהן האָט אויך אַראָפּגעלאָזט דעם עק,
די יונגע קרעהער זיינען שטיל געבליבען,
די חוצפה'ניקעס האָט מען ערגעץ ווייט פאַרטריבען.
און צוגעגרייט אַלץ האָט מען דאָרטען ווי עס פּאַסט,
צו אויפנעמען דעם הויכען קייזערליכען גאַסט.

נאָר ווי מיר ווייסען דאָך, — איז בלויז
די ערשטע טעג די אימה און דער אבשיי גרויס, —
און נאָכדעם ווערען מיר צו יעדער זאַך געוואוינט.
און ניט אַריבער זענען קיין צוויי וואָכען, —
האָט מען דעם אָדלער מעהר שוין ניט געשוינט,
מען איז איהם פּשוט אויפ'ן קאָפּ געקראָכען.
ס'איז אפילו שווער צו גלויבען,
נאָר אָפט מאָל פלעגט אַ היהנדעל זיך ערלויבען
אַ שטויס צו טאָן איהם ביי דעם שיסעל עסען.
די היהנער האָבען גאָר פאַרגעסען,
אַז ס'איז מיט זיי אַן אָדלער — ניט קיין הוהן.
דער אָדלער האָט אָבער געוואוסט דערפון
און האָט פון דעם גאָר ניט געטראַכט.
מיט־איינס־געזאָגט, צו היהנער פיהלען אַ פאַראַכט!
נאָר ווען צו זיין מיט זיי האָט איהם דערעסען,
האָט ער מיט אָדלערישען שוואונג און מאַכט
די גרויסע פליגעל זיינע ברייט צענומען,
און איז צום בלויען הימעל הויך אַוועקגעשוואוממען.

---

דער אויספיהר איז ווי איך פאַרשטעה
אזוי:
פאַרגלוסט זיך נאָר דעם אָדלער פליהען - -
באַדאַרף ער זיך ניט מיהען,
ער טוט זיך בלויז אַ הויב.
די היהנער, אָבער, מוזען גריבלען זיך אין שטויב.

# גע׳מישטע יובילעאום-שטימונגען

פון י. ב. ביילין



י. ב. ביילין,
דער יעצטיגער רעדאַקטאָר פון „פריינד" פון 1918 אָן.

אָנגעלאָדען מיט דער שטימונג, וואָס עס איז נויטיג צו שרייבען א יובילעאום ארטיקעל, און גדייטענדיג זיך שוין איינ־צושפאַנען די פען אין מיין דינסט פאַר דער יום־טוב'דיגער שטיקעל ארבייט, איז מיר פלוצלינג באַפאַלען א שטיקעל מרה־שחורה:

לשמחה מה זו עושה?

וואָס איז די שמחה? וואָס האָט ווער, אין ערגעץ פון דעם, וואָס עפּעס איז אַלט געוואָרען צעהן יאָר — און מעג עס זיין אַזאַ באַשטימטע זאַך ווי אַן אָרגאַן, א זשורנאַל און נאָך א „פריינד" דערצו. אויב עס האָבען זיך נישט געפונען צווישען די פינף־זעקס טויזענט מיטגלידער, וואָס האָבען זיך באַטייליגט אין דעם ניט־לאַנג־צוריק פאַרענדיגטען רעפערענדום, א מאַיאָריטעט, וואָס זאָל באַוויליגען די נויטיגע סומע פאַר'ן „פריינד", כדי ער זאָל קענען רעגעלמעסיג ערשיינען — זיינען דאָך אויך נישטאָ קיין ענטוזיאַסטען, אָדער „פּאַטריאָטען", ווע־מען עס זאָל ריהרען דער האַלב־וואָכעדיגער יובילעאום?

וואָס איז דאָ די שמחה? אויב פון אַזאַ ריעזען־מאַסע ווי אכציג טויזענט מיטגלידער האָבען נאָר עטליכע געצעהלטע ווי איייזנער, עסעלין ליוויי און פאַלק דערמאָנט זיך אָן דעם יובילעאום און צוגעשיקט עטליכע שורות לכבוד דעם יום־טוב — ווייזט אויס, אַז עס איז גאַנץ ווייניג פאַראַן מיט וואָס זיך צו פריהען און עס איז זעהר פיעל פאַראַן וועגע, וואָס זיך צו פאַרטראַכטען...

און איך האָב זיך פאַרטראַכט:

אפשר איז טאַקע אונזער פריינד סעם ליוויי פון בר. דר ברוקלין, גערעכט, אַז די מיטגלידער ווערען ענטוישט פון די וואָס א דאַנק־רעזאָלוציע איז נישט אָפּגעדרוקט געוואָרען א שנעל ווי זי איז אריינגעשיקט געוואָרען און מיר פאַרנעמען ד פּלאַץ מיט אַזעלכע „נאַרישקייטען" ווי קאָאָפּעראַציע און קינדע ליטעראַטור? אפשר איז גערעכט פריינד ליטאַוער מיט ד וואָס ער באַהויפּטעט, אַז דער „פריינד" ערפילט נישט אויפגאַבע דערפאַר, וואָס ער דרוקט צו־פיעל פּאָעזיע און ווייניג פּראָזא? אָדער אפשר איז גאָר גערעכט אונזער וויר גער נאַציאָנאַלער טשערמאַן, פריינד ישורין, באַרויערענדיג ד פאַקט, וואָס דער „פריינד" גיט אָפּ אַזוי ווייניג פּלאַץ צו א אַנגעלעגענהייטען און פראַגען און ווידמעט זיך הויפּטזעכליך פראַגען פון קינדער־ערציהונג?

און טראַכטענדיג האָב איך זיך דערמאָנט:

מיט עטליכע מאָנאַטען צוריק, ווען מיר האָבען זיך א מיטינג פון אונזער עדיוקיישאָנאַל קאָמ. דורכגערעדט ד דער פּאָליסי פון דער „פריינד"־רעדאַקציע, האָט גענ. אב. לי גראָד גערענקט, אַז דער „פריינד" דאַרף זיך הויפּטזעכליך ווי צו די פּראָבלעמען פון ערציהונג און בילדונג. אין דער זעלב צייט שרייבט אונזער געערטע מיטאַרבייטערין, דר. אסתר לור טאַקע אין דעם נומער, אַז דער „פריינד" דאַרף זיך ווידמען די אינטערעסען פון דער פרוי אַלס הויז־פאַרוואַלטערין און ק דער־ערציהערין. די פאַרוואַלטונגען פון די פאַרשידענע א שולען איבער'ן לאַנד האַלטען אין איין דערמאָנען, אַז דער צוזאַמענפאָר האָט באַשלאָסען צו ווירקען אויף דער רעדאַק פון פריינד, אַז זי זאָל זיך מעהר אָפּגעבען מיט ערציהונגס־פּראָ אין אַלגעמיין און מיט די שול־פּראַגען איבערהויפּט.

אָבער ווער איז דאָ גערעכט?

פריינד ישורין, וואָס שטעלט מיט זיך, אָהן ספק, פאַר געוויסע ריכטונג, באַדויערענדיג, וואָס דער „פריינד" גיט אָפּ הויפּטזעכליך צו פראַגען פון קינדער־ערציהונג, אָדער רייהע אויבענאָנגעגעבענע פריינד?

איז פריינד ליוויי גערעכט, ווען ער שטראָפט אונז פ אָפּגעבען זיך מיט קאָאָפּעראַציע (און קינדער־ליטעראַטור), אָד פריינד גראַף, מענין, סטאָלינסקי און בערנשטיין אין די פ הערדיגע נומערען „פריינד", וועלכע זיינען אומצופרידען, דער „פריינד" גיט אָפּ דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג א קליינעם פּלאַץ?

איז פר. ליטאַוער גערעכט באַקלאָגענדיג זיך, אַז ד „פריינד" איז צו ליטעראַריש און אָנגעפּיקעוועט פול מיט פּ עזיע, אָדער פר. פאַלק, וואָס געפינט איין, אַז מיר גיבען א „קאָפּי־ספּון" פון דעם אַלץ און אַז עס איז שוין צייט, דער „פריינד" זאָל אַמווייניגסטענס האָבען פיער זייטען פ ליטעראַטור?

ווער איז גערעכט?

און גלייך גיבען מיר א שווים פאַר די אויגען די ווארע באַגריסונגס־ארטיקלען פון באַסקינ'ן, פון געליעב טער'ן, פון אב. עפּשטיינ'ען און פון פ נערמאַנ'ען, די קורצע, אָבער וואַרימע, בריוולאך פ אייזנער'ן, פאַלק'ן און עסעלינ'ען און די מר שחורה'דיגע שטימונג גיט פּלאַץ פאַר א גוטמוטיגען פיל זאָפירען:

„מרובים צרכי עמך"... אונזערע נויטען זיינען טאַ נישט קיין קליינע: געוויס וואָלטען מיר דאַרפען האָבען נ מעהר ארטיקלען וועגען ארבייטער־רינג גופא — פאַר דעם א דאָך אייגענטליך דער „פריינד" באַשאַפען געוואָרען. באַשטימ דאַרף מען אין אַלגעמיין האָבען מעהר פּראָזא, אויב פר. ליטאַוע פאַרשטעהט אונטער דעם זאַכליכע ארטיקלען וועגען די פּראָ לעמען פון דער ארבייטער־באַוועגונג אין אַלגעמיין און וועגע די פון דעם א.־ר. איבערהויפּט — אָבער צו וואָס אויף דע חשבון פון די עטליכע צעהנדליג געפּליגעלטע שורות מיט א פּ עטישען אָטעם?

אָהן ספק דאַרפען מיר א פאַמיליען־בלאַט פאַר אונזער

יען, וואָס זאָל זײ פאַראינטערעסירען נישט נאָר מיט די הויז־ ערציהונגס־פּראָבלעמען, נאָר אויך מיט אונזער אַ ל ג ע־ ינ ע ר באַוועגונג. קײן פראַגע נישט, אַז דער „פרײנד" זײן אויך דער אָרגאַן פון דער שול־באַוועגונג, וואָס האָט ביי אונז אַזוי שנעל און אַזוי כאַאָטיש פאַנאַנדערגעוואַקסען מוז אַרײנברענגען אין דער באַוועגונג אַ סדר און קלאָרקײט. רני (אַוואַדע) מוזען מיר אָפּגעבען מעהר פּלאַץ פאַר קאָאָפּע־ ציע, ווי אַנדערע זשורנאַלען, ווײל וואָס זײנען מיר אַלײן, ב נישט אַ פּראָדוקט פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג ת דעם פאַרזיכערונגס און קולטורעלען געביט. און אויב מיר ען נישט אָפּגעבען גענוג פּלאַץ פאַר די פּראָבלעמען פון דער רעגונג — ווער זאָל עס טאָן?

און אסור אויב מיר דאַרפען פאַרדענקען די וואָס זוכען ר אין „פרײנד" אַ כאַראַקטער־סקיצע, אַ קינדער־ערצעהלונג נר אַ ליד. אַ ליטעראַרישע אָפּטײלונג גיט צו יעדען זשור־ אַ העלע און פאַרביגע אָפּשפּיגלונג. אפילו די טרוקענסטע ־ און טעכניק־זשורנאַלען האָבען שוין אויסגעפונען, אַז זײ ען בונטער מאַכען זײערע מאָנאָטאָנע זײטען מיט אײניגע עראַרישע זאַכען. עס איז שווער צו געפינען יעצט אַ פאַר־ בלאַט, אַ יוגיאָן־זשורנאַל, אַן אָרגאַן פון אַן אָרדען, אָדער אַגאַזין פאַר פאַך־אינטערעסען, וואָס זאָלען נישט האָבען ליטעראַרישע אָפּטײלונג.

און ווען אונזער פרײנד ליוויי וואָלט זיך אַמאָל פאַרקלערט ען דער וויכטיגקײט צוצוגרײטען פאַר אונזערע קינדער די ענדרע ג ײ ס ט י ג ע שפּײז, וואָלט ער אָסור עס אָוועקגע־ עלט אויף אײן ברעט. נײן, נאָך מיט אַ היבשע צאָל טרעפען עריגער, ווי... אַ דאַנק־רעזאָלוציע. כאָטש איך וויל בשום־ נישט אונטערשעצען די באַדײטונג פון דער „דאַנק־אינ־ טוציע", וואָס סטימולירט אַ היבשע צאָל טוער פאַר ווײ־ דיגער איבערגעגעבענער אַרבײט.

„מרובים צרכי עמך"... מיר זײנען אַ היבש ביסעל אויס־ אַקסען פאַר די לעצטע צעהנדליג יאָר. אונזערע טעטיגקײ־ האָבען זיך פאַרצווײגט און אַלע פון זײ דאַרפען קריגען אַ עריגע אָפּשפּיגלונג אויף די זײטען פון אונזער אָרגאַן. אונ־ ע זעקס הונדערט און פופציג ברענטשעס, אַזוי גוט ווי אונ־ ע צעהנדליגער שולען, לײבאָר־לײסעאומס און קאָאָפּעראַ־

טיווען. יעדע אינסטיטוציע וואָס מיר גרינדען דאַרף האָבען גענוג אַטמאָספערע פאַר־זיך, נישט אַרויסשטופּענדיג דערבײ קײן אַנדערע.

דערצו פון צײט צו צײט אַ פּאָליטישען אַרטיקעל פון זבולון, אַ פעליטאָן פון נפתלי, אָדער אַ יערליכען איבערזיכט, אַן אָפּ־ שאַצונג, אַ דיסקוסיע, אַן אַרטיקעל וועגען היגיענע, אַ סקיצע אָדער ערצעהלונג, אַ ליד פאַר אונזערע כאָרען און קינדער־שולען צו זינגען, אַ ווינקעלע פאַר פרויען, פאַר...

און אַלץ אויף די 32 זײטען!

„מרובים צרכי עמך"... מיר האָבען זעהר פיל אנגעלעגענ־ הײטען, פון וועלכע מיר דאַרפען שרײבען, און נאָך מעהר זאַכען, וועגען וועלכע מיר מ ו ז ע ן שרײבען, און אַלץ נאָך דאַרף אַרײנגעהן אין אַזאַ שווינדזיכטיג־מאָגערען, צוויי־און־דרײסיג זײטיגען, בלאַס־פּנימ'דיגען „פרײנד"...

און געוויס וואָלט דער רעדאַקטאָר, וועלכער איז אויך דער מענעדזשער, דער קאָרעקטאָר און דער רעדאַקציאָנס־סעקרעטער, בעסער וועלען האָבען צו טאָן מיט גרויסע קידוש־לבנה־אותיות, אײדער מיט די טל־ומטר־פּינטעלאַך פון „סיקס־פּאָינט", ווי עס ווערען יעצט געדרוקט די באַריכטען און אַנדערע אָפּיציעלע מאַ־ טעריאַלען אין „פרײנד". עס וואָלט נישט נאָר געווען געזינטער פאַר זײנע אויגען, נאָר ער וואָלט פּראָסט־פּשוט אויך געהאַט ווײניגער אַרבײט. אָבער דער „מרובים צרכי עמך". פון אײן זײט און די באַגרעניצטע 32 זײטען פון דער צווײטער זײט זײנען דאָס דער פאַר'כשופ'טער קרײז, פון וועלכען מיר קענען זיך ניט אַרויסדרײהען.

אונזער „שם־המפורש", ווי אונזער גענ. א. ש. זאַקס רופט־ אָן אונזער אָרגאַן, איז געפּענטעט. די מיטגלידער פון אַ.־ר. וואָלטען געמאַכט אים דעם בעסטען סורפּריז צו זײן צען־יעריגען יובילעאום, ווען זײ זאָלען בײ זיך באַשליסען אַזוי שנעל ווי זײ וועלען האָבען אַ געלעגענהײט (בײ דעם קומענדיגען רע־ פערענדום) צו באַפרײען אים פון זײן אײנגעשרומפּענקײט און באַגרעניצקײט און געבען אים מעגליכקײטען פון אַ נאָרמאַלער ענטוויקלונג.

דער „פרײנד" פאַר זײן צען־יעריגער דינסט האָט געוויס פאַרדינט צו געבען אים מ ע ג ל י כ ק י י ט ע ן, אַז ער זאָל אויך ווײטער קענען דינען די פאַנאַנדערגעצווײגטע טעטיגקײטען פון אונזער ריזיגען אָרדען.

---

(ענד פון זײט 4)

. א. ראַטמאַן. די וועלכע זײנען די לעצטע יאָרען אַריבער־ וכען פון פּױלען אָדער פון ליטאַ ווײסען ווער דער לעקטאָר און גרײטען זיך שוין צו מקבל־פּנים זײן אים. די טעמעס ען אינטערעסאַנטע און וועלען צוציהען אַן אויסערגעוועהנליך יכען קרײז צוהערער, אויב די ברענטשעס וועלען נאָר ווי ריג אַרבײטען.

די עדיוקײשאָנאַל קאָמיטע נעמט אונטער דעם טור, נישט ענדיג אויף די גרויסע הוצאות, מיט וועלכע ער איז פאַר־ ען. זאָלען אויך די ברענטשעס טאָן זײער פליכט און נישט

מאַכען קײן שוועריגקײטען דער עדיוקײשאָנאַל קאָמיטע דורך איבערמאַכען אָדער חרטה האָבען אויף דײטס.

אין דעם פאַל איז חרטה נישט נאָר נישט־סוחר'יש, נאָר אויך דיסאָרגאַניזאַטאָריש.

* * *

פערלאָוויצ'עס יאָרצײט

דעם 7טען נאָוועמבער איז שוין געוואָרען אַ יאָר, ווי מיר האָבען פאַרלאָרען אונזער פער־ לאָוויצ'ן. די טעג איז געשטעלט געוואָרען די מצבה. אָ, ווי שווער עס איז נאָך אַלץ צו פאַרגעסען דעם שרעקליכען פאַרלוסט פאַר אונז, פאַר זײן פאַמיליע, און פאַר אַלע זײנע נאָהענטע פרײנד און מיטקעמפער.

---

מלכה חפץ ט.:

# צו מײן מאַנדאָלינע

מיט מײן אַרבײט אָפּגעפאַרטיגט,
אַלעס אָפּגעטאָן געשווינד.
קום זשע, גוטע מאַנדאָלינע,
קײנער הערט אונז ניט אַצינד.

לעג זיך אין מײן שוים אַנידער,
לעהן זיך אויף מײן אָרעם אָן —
וועל איך מיט די לאַנגע פינגער
ציהען פון דיר טאָן נאָך טאָן.

ציה אױך ווינטען, ציה איך שטורעמס
פון די דינע סטרונעס אויס,
און איך ציה אויך שוואַרצע וואָלקענס
און שפּרײט זײ איבער מײן קאָפּ אויס.

און אָט גיסט שוין גאָר אַ רעגען...
באַלד, באַלד לײטערט זיך שוין אויס:
נו, אַ דאַנק דיר, מאַנדאָלינע,
זאָג מײן סוד נאָר קײנעם אויס!...

# דער יובילעאום פון אַן אמת'ן „פריינד"

פון י. באסקין



י. באַסקין,
גענעראַל־סעק. פון אַ. ר. פון יאָר 1916 אָן.

דער אַרבייטער רינג איז געגרינדעט געוואָרען אין 1900. זיין טעטיגקייט האָט זיך אָנגעפאַנגען אויף אַ קליינעם מאַס־שטאַב. די אידעאַלען און די טעטיגקייטען, וועלכע די טוער האָבען זיך געשטעלט, זענען פון אָנפאַנג געווען מעהר אָדער ווע־ניגער באַשרענקט. אָבער דאָס האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטען, און עס האָט ניט געקענט אָנהאַלטען. זיין טעטיגקייט האָט ניט גע־קענט זיין איינגעשפּאַרט אין די ענגע ראַמען, אין וועלכע ער איז פון אָנפאַנג אַוועקגעשטעלט געוואָרען. די אַקטיוויטעט און די ענערגיע האָבען געזוכט אַן אויסוועג און זיי האָבען עס גע־פונען אויסגעגאָסען אין פאַרשידענע פאָרמען, אויסגעדריקט אויף אַלערליי וועגען. איין דעפּאַרטמענט איז געעפענט געוואָרען נאָך דעם צווייטען, איין נייע אינסטיטוציע אין דעם אַרבייטער רינג איז געגרינדעט געוואָרען נאָך דער צווייטער, און עס פאַרשטעהט זיך, אַז אָט די אַקטיוויטעט, אָט די פאַרצווייגטע, פאַרברייטער־טע אַקטיוויטעט האָט געמוזט געפינען אַ פּלאַץ ווי אויסצודריקען געדאַנקען, אַרויסזאָגען מיינונגען, אָפּשפּיגלען אין זיך די פאַר־שידענע פאַזען, די פאַרשידענע איבערלעבונגען פון דער אָרגאַ־ניזאַציע. באַנוגענען זיך מיט אַ בולעטין, אין וועלכען עס איז איבערגעגעבען געוואָרען באַריכטען, פאַקטען, טרוקענע ציפערען, האָט מען שוין מעהר ניט געקענט. באַריכטען פון די קאָנווענ־שאָנס פלעגען זיין געדרוקט יאָהר־איין יאָהר־אויס. נייע באַ־שלוסען פון דער עקזעקוטיווע, וועגען ענדערונגען, וועגען נייע איינריכטונגען א. אז. וו. פלעגט מען לאָזען וויסען אין דער אויי־סערליכער פרעסע, אָבער דעם אינערליכען לעבען פון דער אָר־גאַניזאַציע, די טאָג־טעגליכע ברענענדע פראַגען, וועלכע פלעגען אַרויפקומען, די פאַרשידענע שאַטירונגען פון די פאַרשידענע ראַדיקאַלע עלעמענטען, וועלכע האָבען צוזאַמענגעשטעלט דעם אַרבייטער רינג — דאָס קען מען ניט איבערגעבען אין דער טעג־ליכער פרעסע, בפרט נאָך, אַז די פרעסע איז ניט אַזוי גענייגט

אָפּצוגעבען צופיעל פּלאַץ פאַר אַזעלכע זאַכען, וועלכע זי דענק[…] איז ניט אינטערעסאַנט פאַר די ברייטע מאַסען לעזער. ד[…] פרעסע איז קיינמאָל ניט געווען צו פריינדליך צום אַרבייט[…] רינג, איבערהויפּט נאָך אין די ערשטע יאָהרען פון זיין עקזיס[…] טענץ. עפּעס האָט מען געקוקט אויפ'ן אַרבייטער רינג פון אָנ[…] פאַנג מיט פאַרדאַכט, מיט אונצוטרויען. יעדענפאַלס האָב[…] געפעהלט די ווארימע געפיהלען, די באַקוועמליכקייט, וועלכ[…] מען האָט אין אַן אייגענעם פּלאַץ, אין אַן אייגענער היים.

און דעריבער איז קיין וואונדער ניט, דאָס אַזוי גלייך ו[…] דער אַרבייטער רינג האָט געקראָגען די באַדייטונג אין דער אי[…] דישער גאַס, וועלכע איהם האָט געקומט, אַזוי גלייך ווי דער אַר[…] בייטער רינג האָט זיך ערוואָרבען אַ רעפּוטאַציע פון אַ מעכ[…] טיגער, שטאַרקער און אָרגאַניזירטער אָרגאַניזאַציע, האָט ע[…] אויך געפיהלט די נויטווענדיגקייט צו האָבען אַן אייגענעם אָרגאַ[…] אַן אייגענע אויסגאַבע, וועלכע זאָל זיך אָפּגעבען מיט אַלערלי[…] פראַגען, וועלכע אינטערעסירען דער אָרגאַניזאַציע, אַ מאַגאַזי[…] וועלכער זאָל אָפּשפּיגלען אַלע שאַטירונגען אין דעם אַרבייט[…] רינג, אַ טריבונע, אויף וועלכער די פאַרשידענע מיינונגען א[…] געדאַנקען זאָלען אָפען און דייטליך אַרויסגעזאָגט ווערען, דיכ[…] קוטירט ווערען, און פון אָט די אַלע פאַרשידענע געדאַנקען א[…] מיינונגען זאָל אויסגעגאָסען ווערען איין אָפּיציעלער באַשטי[…] טער געדאַנק, זאָל אויסגעאַרבייט ווערען הער פּלאַן און ציע[…] וועלכער זאָל פיהרען צו דער פאַרשטאַרקערונג פון דער אָרגאַ[…] ניזאַציע, צו דער אויסברייטונג פון איהר אַקטיוויטעט און [...] פאַראייניגונג פון די אַלע אַרבייטענדע מאַסען אין איין גרויס[…] סאָלידער מחנה, וועלכע זאָל קעמפּפען פאַר איינעם און הע[…] זעלבען אידעאַל.

און אַזוי איז דער „פריינד" געוואָרען ניט נאָר אַ בולעטי[…] ניט נאָר אַן אָרגאַן פון אַ פראַטוירנאַל אָרגאַניזאַציע, אין וועלכ[…] עס ווערען פאַרהאַנדעלט פראַגען פון פאַרזיכערונג, פראַג[…] פון בענעפיט, מיט איין וואָרט, פראַגען פון אַן ענגען און שמאָל[…] כאַראַקטער, נאָר ער איז געוואָרען דער אָרגאַן פון די צעהנדליג[…] טויזענדע אידישע אַרבייטער־מאַסען, וועלכע שטרעבען צו עפּ[…] העכערס, וועמעס האָריזאָנט איז ניט באַשרענקט אין די גר[…] ניצען פון אינשורענס, נאָר וועמעס געדאַנק פליהט הויך, הו[…] אין די הימלען, זוכענדיג דעם אמת און שטרעבענדיג צום מענ[…] ליכען גליק.

דער „פריינד" האָט פון דעם ערשטען טאָג אָן פון זיין ע[…] שיינונג באַגריפען די גרויסע און פאַראַנטוואָרטליכע אויפגאַב[…] און האָט אימער ערפילט די מיסיע, וועלכע איז אויף איהם אַרוי[…] געלעגט געוואָרען. די אַרטיקלען פון „פריינד" זענען פון פאַ[…] שידענעם כאַראַקטער, ריהרען אָן אַלערליי זאָרטען פראַגען א[…] פראָבלעמען און גיבען שטאָף דעם לעזער צו פאַרטראַכטען זי[…] מאַכען איהם דענקען, נאָכפאָרשען און זוכען.

צעהן יאָהר ווי דער אָרגאַן ווידמעט זיינע צייל[…] צו גרויסע פראָבלעמען און ברענענדע פראַגען פון טאָג. צעהן יאָ[…] ווי ער שפּיגעלט אין זיך אָפּ די אַלע פאַרשידענע פאַסירונג[…] און געשעהענישען אין דעם אַרבייטער רינג. געשעהעניש[…] זענען געווען פאַרשידענע, פעריאָדען שטילע און רוהיגע, [...] אַ קאָנסטרוקטיווען כאַראַקטער, און פעריאָדען פון שטורעם א[…] דראַנג. אין אין די אַלע צייטען האָט דער „פריינד" ניט פאַ[…] פעהלט צו ערפילען זיין שליחות, נאָכצוקומען זיינע פאַרשפּר[…] כונגען. און אויב די געדאַנקען און אידעאַלען, וועלכע די[…] „פריינד" האָט ביז היינט געפּרעדיגט און פאַרשפּרייט, האָב[…] נאָך ניט געבראַכט די פאָלקאָמע פרוכט, אויב די שטרעבונג[…] און ציעלען פון זיינע מיטאַרבייטער און זיינע לעזער זענען נ[…] ביז היינט צו טאָג ניט פאַרווירקליכט געוואָרען, איז אָבער די[…] טאָג שוין ניט ווייט, ווען דער קאַמף פאַר אַ שעהנערע און לי[…] טיגערע וועלט וועט זיך קרוינען מיט אַ זיעג, ווען די וועלט נ[…] עקספּלואַטאַציע און אונטערדריקונג וועט אין גאַנצען פאַרשווי[…] דען און אויף איהרע חורבות וועט געבויט ווערען אַ נייע, שעהנערע, אַ בעסערע וועלט. מיר הערען שוין די טריט [...] אָט דעם אָנקומענדען טאָג, די טענער פון די גרויסע, באַפּר[…] ענדע מחנות לאָזען זיך שוין הערען אויף יענער זייט ים, א[…] זיי פילען אָן אונזערע הערצער מיט פרייד, מיט האָפנונ[…] און מיט גליק.

# צעהן יאָהר

(עטליכע ווערטער צום 10־יעהריגען יובילעאום פון „פריינד“)

פון פ. געליעבטער



פ. געליעבטער,
רעקאָרדינג סעקרעטער פון אַ. ר. פון 1916 אָן.

מיט דעם היינטיגען נומער ווערט געפייערט דער צעהן־ הריגער יובילעאום פון „פריינד“, דער אָפיציעלער אָרגאַן פון נזער אָרדען.

אין משך פון די צעהן יאָהר האָט דער אַרבייטער רינג גע־ אַכט ריזיגע שריט פאָרווערטס. זיין מיטגלידערשאַפט איז סדר געוואַקסען, זיינע פאָנדס זענען יעדען יאָהר באַדייטענד אַרגרעסערט געוואָרען, זיין געזעלשאַפטליכער איינפלוס סאַי ם אָרדען סאַי אַלס אַרבייטער־אָרגאַניזאַציע האָט זיך אונ־ הויער פאַרשטאַרקט, און ער איז געוואָרען דער ריעז אין דער דישער אַרבייטער־וועלט פון אַמעריקא. פאַרטיי־אָרגאַניזאַ־ עס ווערען אַמאָל ערשיטערט דורך דער ניט־איינשטימיגקייט ן וויכטיגע פּאָליטישע אָדער אינטערנאַציאָנאַלע פראַגען; ייד יוניאָנס שטעהען אָפט־מאָל אין געפאַהר, ווען עס קומט אָן שטורם פון סטרייקס און לאַקאוטס. דער אַרבייטער רינג אָט אָבער אין פאַרלויף פון זיין גאַנצער עקזיסטענץ און באַ־ נדערס טאַקע אין די לעצטע צעהן יאָהר באַוויזען, אַז קיין עורמים, סאַי פון אינוועניג סאַי פון אויסוועניג, קענען איהם ט שעדיגען.

פון דעם אינערליכען קאַמף, וועלכער איז פאָרגעקומען מיט קס יאָהר צוריק, איז דער אַרבייטער רינג אַרויסגעקומען ניט ר ניט געשעדיגט, נאָר, פאַרקעהרט, ער איז געוואָרען נאָך טאַרקער און גרעסער אין דער צאָהל פון מיטגליעדער, נאָך סטער און זיכערער אין פּרינציפּען־אויסגעהאַלטענקייט. דער יער פון קאַמף האָט פאַרהאַרטעוועט און באַפעסטיגט דעם ענ־ זיאַזם פון די טוער פון אונזער אָרגאַניזאַציע, ביי ביידע צדדים אינ'ם דאַמאָלסדיגען קאַמף, און דער ענטוזיאַזם האָט מאַסען נייע מיטגליעדער אַריינגעצויגען.

די אויסערליכע שטרייטיגקייטען, וואָס זענען פאָרגעקומען לעצטען יאָהר אויף דעם באָדען פון דער שפּאַלטונג אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, זענען אויך ניט געווען אימשטאַנד צו שעדיגען אונזערע אָרגאַניזאַציעס. דער דאָזיגער פּאַרטיי־קאַמף איז אין מאַנכע פון אונזערע ברענטש'עס געפיהרט געוואָרען מיט אַזויפיעל פייער און אַזוי פאַרביטערט, ווי אין דער פּאַרטיי גופא, אָבער קיין פאַרלוסטען האָבען אונזערע ברענטשעס דערפון ניט געהאַט. פאַרקעהרט, ס'איז נאָך קלערער און בולט'ער גע־ וואָרען פאַר אַלע אַרבייטער און דעמאָקראַטישע עלעמענטען, וועלכע האָבען אידעען, אידעאַלען און פּרינציפּען, אַז דער אַר־ בייטער רינג איז ניט קיין צושוואומענע אָרגאַניזאַציע, אַז דער אידעען־קאַמף פון דרויסען מוז זיך אָפּשפּיגלען פון אינעוועניג. און דאָס האָט ווידער געהאָלפען באַפעסטיגען אונזערע ברענ־ טשעס. דער „פריינד“ האָט אין אָט די אינערליכע און אויסער־ ליכע שטרייטיגקייטען אימער געזאָגט זיין וואָרט, אָדער געגעבען פּלאַץ פאַר דיסקוסיעס צו ביידע שטרייטענדע צדדים.

דער „פריינד“ האָט אויף אַזאַ אופן בייגעשטייערט זיין חלק צו דעם אידעען־אויסטויש אין אונזערע אייגענע רייהען און האָט זיך דאַרום שטילערהייט ערוואָרבען די גוטע רעפּוטאַציע און אָנהענגערשאַפט צווישען דער ברייטער מיטגליעדערשאַפט פון אַרבייטער רינג.

דער „פריינד“ איז אין פאַרלויף פון די צעהן יאָהר גע־ וואָרען אונאָפּטיילבאַר פון די איבעריגע אינסטיטוציעס, וואָס זענען אין אַרבייטער רינג די לעצטע יאָהרען געשאַפען געוואָרען. ער איז געוואָרען דער פאַרמיטלונגס־פּונקט צווישען די ברענ־ טשעס און דער פאַרוואַלטונג.

די פרייידען און ליידען פון די ברענטשעס געפינען שטענדיג אַן אָפּקלאַנג אויף די שפּאַלטען פון „פריינד“ — צי דאָס איז אַ יובילעאום, אַ דאַנקס־רעזאָלוציע, אַ טרויער־רעזאָלוציע נאָך אַ פאַרשטאָרבענעם חבר, אַ קוויטירונג פון געלדער וואָס זענען געשיקט געוואָרען אַלס רעזולטאַט פון אַן אַפּיעל. אין יעדען נומער פון „פריינד“ שפּיגעלט זיך אָפּ דאָס טאָג־טעגליכע לעבען, די טאָג־טעגליכע רוטינע אַרבייט פון אונזערע ברענטשעס און דאָס מאַכט, אַז אין דעם זשורנאַל ווערען פאַראינטערעסירט ניט בלויז די יעניגע, וועלכע זוכען אַ ניי וואָרט אויף דעם ליטעראַ־ רישען, סאָציאַל־עקאָנאָמישען אָדער וויסענשאַפטליכען געביעט, נאָר אויך די ברייטע מיטגליעדערשאַפט, אויף וועמעס גורל עס פאַלט אוים צו טאָן די טאָג־טעגליכע אַרבייט אין די ברענטשעס. אָבער דער הויפּט־פאַרדיענסט פון „פריינד“ ליגט אין זיין אויפ־ קלערונגס־כאַראַקטער. יעדער נומער פון „פריינד“ זוכט אויפ־ צוקלערען די גרויסע מיטגליעדערשאַפט פון אונזער אָרגאַניזאַ־ ציע, שטרעבט אַריינצוברענגען מעהר ליכט און וויסען פאַר דער גערעכטיגקייט פון דער אַרבייטער־זאַך, שטרעבט צו ענטוויקלען אין אַ ברייטער מאָס דעם אמת'ן געפיהל פון ברידערליכקייט, פריינדשאַפט און סאָלידאַריטעט, צוליעב וועלכע דער אַרבייטער רינג איז געגרינדעט געוואָרען; דער הויפּט־פאַרדיענסט פון „פריינד“ ליגט אין דעם, וואָס ער איז איינמאָל ניט געווען קיין באַשרענקטער זשורנאַל בלויז פאַר אָרגאַניזאַציאָנס־אינטערעסען און האָט שטענדיג אָפּגעגעבען מעהר פּלאַץ פאַר ליטעראַטור, וויסענשאַפטליכע און אויפקלערונגס־אַרטיקלען, ווי פאַר באַריכ־ טען און רעפּאָרטס וואָס האָבען אַ דירעקטען שייכות מיט'ן אַרבייטער רינג.

אין דער אַלגעמיינער קולטורעלער טעטיגקייט פון אַרביי־ טער רינג פאַרנעמט דער „פריינד“ אַן אָנגעזעהענעם פּלאַץ און זיין טייל פון קולטורעלער אַרבייט וועט פון קיינעם ניט אונטער־ געשאַצט ווערען.

מיר לעבען איצט איבער אַ גרויסע היסטאָרישע צייט. די וועלט־מלחמה האָט נאָך מעהר אויפגעדעקט דעם שרעקליכען תהום צווישען די קלאַסען און האָט פאַר אַלעמען געוויזען צו

# פון אַ פריינד וועגען „פריינד" צו פריינד

פון יעפים ישורין



**י. ה. ישורין,**
**פשערמאַן פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע, 1920-1921**

מיט אַ געפיהל פון ווירקליכער פרידענהייט האָב איך זיך אָנגעכאַפּט אויף דער פריינדליכער איינלאַדונג פון דער רעדאַקציע פון „פריינד" צו באַטייליגען זיך אין דער יובילעאום אויסגאַבע פון דעם זשורנאַל, צו דער געלעגענהייט פון זיין צעהן־יעהריגער עקזיסטענץ.

עס איז אומבאַשטרייטבאַר, אַז דער „פריינד", וועלכער איז געבאָרען געוואָרען אויף דער צעהנטער יעהרליכער קאָנ ווענשאָן, געהאַלטען אין ניו סטאַר קאַסינאָ, ניו יאָרק, איז געווע איינע פון די געלונגענע נייע איינריכטונגען אין אַרבייטער רינג. מיט'ן אַרויסגעבען פון „פריינד", דרוקענדיג די באַריכטען פון דער טעטיגקייט פון דער עקזעקוטיווע, פון די אַלע סטענדיגו קאָמיטעס און פון די ברענטשעס, האָט יעדער אַרבייטער רינ מיטגליעד געהאַט די מעגליכקייט צו האָבען אַ פאָלשטענדיג פאָרשטעלונג וואָס עס איז פאָרגעקומען אין אַרבייטער רינג אַלס אַ גאַנצער און עס האָט אויך איינגעשטעלט אַן ענגערע פאַ בינדונג צווישען די ברענטשעס און הויפּטזעכליך צווישען די אינדיווידועלע מיטגליעדער אין דער צענטראַלער פאַרוואַלטונג

געשאַפען געוואָרען איז דער „פריינד" אין אַ צייט, ווע אַ גרויסע צאָהל מיטגליעדער פון אַרבייטער רינג האָבען ע באַטראַכט אַלס אַ לוקסוס, אָבער מיט דעם שנעלען וואוקס פו אַרבייטער רינג אויף אַלע זיינע געביטען, האָט זיך נאָכהער אַרויסגעוויזען די גרויסע נויטווענדיגקייט אין אַ מאָנאַטליכע שריפט, דורך וועלכען דער אַרבייטער רינג האָט געקענט פאָרט זעצען זיין פיבערהאַפטע טעטיגקייט, וועלכע האָט געבראַכ דעם אַרבייטער־רינג צו דער שטופע, אויף וועלכער ער געפינ זיך היינטיגען טאָג. אויף אַזוי פיעל איז דער „פריינד" געוואָרע אַ שטענדיגע אינסטיטוציע אין אַרבייטער רינג, אַז איך גלוי קוים אויב אַ רעקאָמענדאַציע פון דער עקזעקוטיווע אָדער באַשלוס פון אַ קאָנווענשאָן אָפּצושאַפען דעם „פריינד" וואָל געקראָגען די צושטימונג פון דער גרויסער אַרבייטער רינג מיט גליעדערשאַפט. דאָס ערקלערט זיך דערמיט, וואָס דער „פריינד" איז געוואָרען אַ טייל פון זיין קערפּער, אַ גליעד, אָהן וועלכע דער גאַנצער אַפּאַראַט וואָלט ניט געקענט נאָרמאַל פונקציאָנירען

עס פיהרט זיך אפילו, אַז ביי דער געלעגענהייט פון אַ יובי לעאום טאָר מען מעהר ווי לויב־געזאַנגען ניט פאָרברענגען אַלץ וואָס עס דאַרף געזאָגט ווערען מוז זיין צום גוטען, אָבע אַזוי ווי דער שרייבער פון די ציילען ערוואַרטעט ניט צו האָבע אַ דירעקטען אָנבאָט אויסצופילען די זייטען פון „פריינד", או וועגען וואָס אייגענטליך איך וויל טאַקע בעטאָנען אַזוי שטאַר ווי מעגליך, וועל איך זיך ערלויבען צו באַציהען אַביסעל קריט צו דעם „פריינד" פון היינטיגען טאָג.

אויב עס עקזיסטירען היינטיגען טאָג מיינונגען וועגען דעם אַז דער „פריינד" איז ניט ווערט די געלד, וועלכע עס קאָס אַרויסצוברענגען איהם אויף דער וועלט, איז עס, לויט מיי מיינונג, דערפאַר, ווייל די ציעלען און די פּראָגראַם פון „פריינד" זענען אויף אַזוי פיעל געענדערט געוואָרען, אַז די, וועלכע זענע געוואוינט צו זעהן דעם „פריינד" אַלס אָרגאַן פון אַרבייטע רינג, אַ פראַטוירנאַל אָרדער, געפינען אָבער אין־איהם עפּעס אַנ דערש. בלעטערט דורך די „פריינדס" פאַר די לעצטע יעהן יאָה צייט און איהר וועט פאַר זיך זעהן, אַז פראַגען וועגען אַרבייטע רינג, וועגען פאַרזיכערונגס־געזעצען, וועגען קראַנקען־בענעפי און אַ סך אַנדערע אינערליכע פּראָבלעמען, וועלכע ריהרען דעם גוף און די נשמה פון אַרבייטער רינג, זענען געווען ני דרוקט אויפ'ן פּראָמינענטסטען פּלאַץ. יעדער נומער פון „פריינד

וואָס פאַר אַן אָפּגרונד עס קענען פיהרען די ניט־אָנגעזעטיגטע אַפּעטיטען פון קאַפּיטאַל און אימפּעריאַליזם. עס איז דאַרום נויטיג צו פאַרשפּרייטען וואָס מעהר בילדונג, ליכט און קלאַסען־באַוואוסטזיין צווישען די שקלאַפען און לוין־אַרבייטער און וועקען אין זיי דעם גלויבען אין זייערע אייגענע קרעפטען.

דער „פריינד" האָט די אַרבייט געטאָן ערענסט און אונאויפהערליך די גאַנצע צעהן יאָהר פון זיין עקזיסטענץ און די מיטגליעדער פון אַרבייטער רינג מעגען זיין שטאָלץ מיט דעם צעהן־יעהריגען יובילעאום פון אונזער זשורנאַל.

דער קולטורעלער און אויפקלערונגס־כאַראַקטער פון „פריינד" העלפט פאַרשטאַרקען דעם בונד פון פריינדשאַפט און ברידערליכקייט צווישען די מיטגליעדער פון דער ריעזיגער אַרבייטער־משפחה, העלפט פאַרשטאַרקען דעם גלויבען אין דעם ענדליכען זיעג פון דער גערעכטער אַרבייטער־זאַך.

דער צעהן־יעהריגער יובילעאום פון „פריינד" איז אַ סימ באָל פון דער ברייטער, פיעל־פאַרצווייגטער קולטור־אַרבייט פ אונזער אָרגאַניזאַציע.

דער צעהן־יעהריגער יובילעאום פון „פריינד" איז אַ ווינ טיגער טייל פון דער געשיכטע פון גאַנצען אַרבייטער רינג, א ווענען דער אַרבייטער רינג איז טייער, דעם וועלען אויך זי טייער די ערונגען פון דעם צעהן־יעהריגען עקזיסטענ פון אונזער אָרגאַן.

דער „פריינד" איז געווען, איז איצט און וועט זיין אָפּשפּיגלונג פון אַרבייטער רינג.

זאָל דער „פריינד" אויך אין דער צוקונפט זיין דער עמו האַש, וועלכער, צוזאַמען מיט די אַנדערע אַרבייטער און קאַמפ אָרגאַנען, זאָל העלפען באַלייכטען דעם וועג צו דער אייבינ פּראָלעטאַרישער פרייהייט.

האָט ענטהאַלטען אַרטיקלען פון טוערס פון אַרבייטער רינג, דורך וועלכע דיסקוסיאָנען זענען געפיהרט געוואָרען וועגען אַלץ וואָס עס האָט אָנגעריהרט די פאַרוואַלטונג, און מערקווירדיג, אַז די אויסטוישונגען פון פאַרשידענע מיינונגען וועגען דיין אַרבייטער רינג פראַגען האָבען באַזונדערס אינטערעסירט די מיטגלידער פון אַרבייטער רינג. וואָס זעהען מיר אָבער היינט. אַרבייטער רינג פראַגען ווערען פאַררוקט אויף די לעצטע זייטען, געזעצט מיט די קלענסטע בוכשטאַבען, וועלכע זאָלען מאַכען פאַר אונמעגליך צו לעזען דאָס, וואָס זיי אינטערעסירט און וועגען דיסקוסיאָנען וועגען אַרבייטער רינג פראַגען איז שוין אָפּגערעדט. מיט איין מאָל זענען פאַרשוואונדען אַלע מיינונגס־פאַרשידענהייטען וועגען איינע אָדער די אַנדערע פראַגען, וועלכע ווערען באַשטימט פון דער פאַרוואַלטונג. איז דער אַרבייטער רינג שוין אַזוי פאָלקאָמען, אַז עס איז ניטאָ קיין פּלאַץ פאַר אויסבעסערונגען, וועלכע קענען פאָרגעבראַכט ווערען פון די מיטגליעדער? איז די פאַרוואַלטונג פון אַרבייטער רינג ווירקליך הונדערט פּראָצענט, אַז קיינער זאָל ניט קענען פאָרלייגען נייע איינריכטונגען? איז דער צושטאַנד פון די אַרבייטער רינג ברענטשעס ווירקליך אין אַזאַ גלענצענדען צושטאַנד, אַז עס איז גאָר ניטאָ וואָס צו זאָגען וועגען דעם? ווייס די רעדאַקציע ווירקליך ניט וועגען דעם, אַז אין די ברענטשעס עקזיסטירט אַ פאָלשטענדיגער שטאַנדשטיל און דאָס עס איז ניטאָ קיין שום לעבען אין זייער אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבייט?

דאָס זענען נור איינצעלנע פראַגען, וועלכע האָבען געדאַרפט דיסקוטירט ווערען אויף די שפּאַלטען פון „פריינד", וועלכע האָבען געדאַרפט אינטערעסירען טאַקע די מיטגליעדער פון אַרבייטער רינג, אַנשטאַט דעם, וואָס זיי ווערען געקאָרמעט וועגען דער אידישער ערציהונג פון די קינדער.

מיינע אויסזעצונגען און טענות צום „פריינד" שוואַכען אָבער ניט אָפּ די פאַרדיענסטען, וועלכע דער „פריינד" האָט אין לעבען און אין דער געשיכטע פון אַרבייטער רינג. פעהלערען קענען אויסגעבעסערט ווערען, פּראָגראַמען קענען געענדערט ווערען, אָבער דער „פריינד" דאַרף באַגריסט ווערען פון אַלע מיטגליעדער פון אונזער גרויסער משפּחה, מעמבערס פון אַרבייטער רינג, וועלכע זענען צוזייט און צושפּרייט איבער גאַנץ אַמעריקאַ און קענעדאַ. זאָל דער „פריינד" עקזיסטירען אַלס דער רעדזשיסטער פון אַלע אונזערע איבערלעבונגען, וועלכע דער אַרבייטער רינג האָט געהאַט און וועט האָבען אין זיין ווייטערדיגער עקזיסטענץ.

ווען דער „פריינד" איז געשאַפען געוואָרען אין דעם יאָהר 1910, בין איך נאָך געווען אַ יונגער מעמבער אין אַרבייטער רינג, אין גאַנצען קנאַפּע צוויי יאָהר ווי איך האָב זיך אָנגעשלאָסען אָן איהם, און בין געווען צום ערשטען מאָל אַ דעלעגאַט צו דער שטורעמדיגער קאָנווענשאָן, וואו איך האָב מיט אַזאַ באַגייסטערונג געשטימט פאַר'ן „פריינד". אין יענעם מאָמענט איז מיר ניט איינגעפאַלען, אַז אין צעהן יאָהר אַרום וועל איך האָבען אַ געלעגענהייט צו באַגריסען דעם „פריינד" צו זיין צעהנטען געבורטסטאָג אַלס דער טשערמאַן פון אַרבייטער רינג. ווער ווייס, אויב ניט דער „פריינד", וואָלט איך אפשר קיינמאָל ניט דערהויבען געוואָרען צו דעם ווירדיגען אמט.

# אַ פּאָר ווערטער

פון אב. עפּשטיין

## צום רעדאַקטאָר פון „פריינד"

ווערטער פריינד און גענאָסע:

אייער איינלאַדונג צו שרייבען אַ באַגריסונג צום צעהנטען יעהרליכען יובילעאום פון אונזער אָפּיציעלען אָרגאַן „דער פריינד" ערהאַלטען. קודם כל וויל איך אייך הערצליך באַדאַנקען, ערשטענס, פאַר דער איינלאַדונג. איך באַטראַכט עס פאַר אַ גרויסען כבוד. צווייטענס, פאַר'ן אויפמערקזאַם מאַכען צו שרייבען קורץ. און אַזוי ווי איך בין פון דער נאַטור ניט קיין עקשן, וועל איך אייך פאָלגען.

וואָס אָנבאַלאַנגט דער באַגריסונג גופא, האָב איך צו זאָגען פאָלגענדעס: דער געבורט פון אונזער „פריינד", מיט צעהן יאָהר צוריק, איז ניט באַגעגענט געוואָרען מיט פיל שמחה און ליבע פון פיעלע צו יענער צייט אַקטיווע טוער אין אונזער אַרבייטער־רינג. איך בין געווען איינער פון זיי. איך האָב דאַן ערענסט געגלויבט, אַז ווען מיר זאָלען דאָס געלט, וואָס די אויסגאַבע פון אַ מאָנאַטליכען זשורנאַל דאַרף אונז קאָסטען, פאַרוואַנדלען אויף אַנדערע געביטען, וועלען מיר מעהר אויפטאָן.

דאָס ערשיינען פון אונזער „פריינד" האָט פאַראורזאַכט אַ היבש ביסעל צרות און מחלוקות אין אונזערע רייהען. מיט גרויס שמערצען און וועהען איז ער געבאָרען געוואָרען. אַלע שרעקליכע קראַנקהייטען האָט ער געמוזט דורכמאַכען אין זיינע קינדער־יאָהרען. אַ שווערען, אַ ביטערען קאַמף האָט ער געמוזט פיהרען פאַר זיין עקזיסטענץ. נאָך ביז היינט צו טאָג פאַרמעסטען זיך מאַנכע, ביי פאַרשידענע געלעגענהייטען, צו געבען איהם אַ טויט־קלאַפּ. פילע פון זיינע געגנער האָבען זיך נאָך ביז היינט ניט איבערצייגט אין זיין אַבסאָלוטער נויטווענדיגקייט און גרויסע דינסטען פאַר'ן אַרבייטער רינג.

וואָלט איך געהאַט צייט און פּלאַץ, וואָלט איך געקענט איבערגעבען די גרויסע פאַרדינסטען פון אונזער „פריינד". עס וועט זיין גענוג בלויז צו פאַרצייכענען, אַז אין אונזער ברודער־קריג „פון אַלטע און יונגע" האָט דער „פריינד" גערופען צו שלום, גערופען אונערמידליך. דורכ'ן „פריינד" האָבען מיר זיך געקענט דורכרעדען און פאַרשטענדליך מאַכען. פון דאַן אָן בין איך געוואָרען זיין וואַרימסטער, זיין הייסעסטער אָנהענגער.

עס איז ווירקליך אַ גרויסער פאַרדרוס, אַז גראָד צו זיין צעהן־יעהריגער עקזיסטענץ, צו זיין יובילעאום־יאָהר, האָט זיך געשאַפען אַזאַ לאַגע, וואָס ער קען ניט ערשיינען מאָנאַטליך. לאָמיר האָפען, אַז די דאָזיגע סיטואַציע וועט זיך גאָר קירצליך ענדערען. דער „פריינד" האָט זיך ערוואָרבען טויזענטע און טויזענטע פריינט אין אַרבייטער רינג. איך בין איינער צווישען זיי, וואָס בענקען נאָך איהם, און דעם מאָנאַט וואָס ער ערשיינט ניט, פעהלט ער ווירקליך. עס מוז אויך געזאָגט ווערען, אַז דעם גרעסטען ערפאָלג האָט דער „פריינד" געמאַכט די לעצטע פאָר יאָהר, זינט איהר, פריינד ביילין, זייט דער רעדאַקטאָר. מיט קליינע אויסנאַהמען האָט איהר איהם געמאַכט פאַר דעם אמת'ען אָרגאַן פון אַרבייטער רינג. אייערע עדיטאָריעלס רעדען מיט אמת'ער ליבע און פריינדשאַפט; איבערהויפּט זענען זיי מיר געפעלען, ווייל זיי רעדען אימער מעהר וועגען דער נשמה פון אַרבייטער רינג ווי וועגען דעם גוף, און גריסענדיג אונזער „פריינד" צו זיין צעהן־יעהריגען יובילעאום, וויל איך אויך אייך באַגריסען און באַדאַנקען פאַר אייער גוטער אַרבייט. זייט ביידע געגריסט און זעצט פאָרט אייער אַרבייט פאַר אַ שענערען און גרעסערען אַרבייטער רינג.

ברידערליכע הילף איז אַ טאָפּעלטע ברכה. עס דערנידריגט ניט דעם וואָס באַקומט, כאָטש עס הויבט טאַקע אויף דעם וואָס גיט.

* * *

אַ ציוויליזאַציע, וואָס האַלט אירע נביאים אונטער'ן שלאָס און אירע פּראָצענטניקעס און הויט־שינדער אין פּאַלאַצען איז טאַקע ווערט צו פאַרטיידיגען און צו ריהמען...

* * *

אייער פרוי האָט שוין געשטימט ביי דעם באַלאָט־באָקס. פאַר וואָס זעהט איר ניט אַז זי זאָל אויך שוין קענען שטימען ביי אייך אין ברענטש?

אויב אייער ברענטש האָט געלט אין דער טרעזשורי איז גוט, אויב זי האָט אָבער שערס פון דער אַ. ר. קאָאָפּעראַטיווע איז נאָך בעסער...

* * *

צי מיר זיינען פאַר דיקטאַטור, צי נישט, אַלץ איינס דיקטירען אונז די סלאָגערס אין די עלעקשאָן־פּלעצער ווען מיר זאָלען ערוועהלען און ווען נישט.

* * *

אונזער אידישער יאָר איז, דוכט זיך, תרפ״א, און דאָך פּאַסט נאָך דער מלאך־המות מיט זיין בלוטיגען חלף איבער אידישע חעלדזער.

# אַ געוואונענע מלחמה

פון נ. פיינערמאַן,
נאַציאָנאַלער טשערמאַן פון דער עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע פון א. ר.

מיט 10 יאָר צוריק, ווען אַ קאָנווענשאָן פון אר. רינג האָט באַשלאָסען אַרויסצוגעבען אַ מאָנאַטליכען זשורנאַל, האָט קיינער ניט גע'חלומ'ט אַז דער זשורנאַל וועט דערלעבען צו פייערען זיין 10־יעריגען געבורטסטאָג. ווייל ניט נאָר איז אַ פאַרביטערטער קאַמף אָנגעפיהרט געוואָרען געגען זיין אַרויסגעבען, נאָר ער איז שטאַרק און ביטער באַקעמפט געוואָרען שוין נאָך זיין ערשיינונג. ביז דער לעצטער קאָנווענשאָן פלעגען נאָך אַריינקומען רעזאָלוציעס דעם „פריינד" אָפּצושאַפען, און עס האָט גענומען 9 יאָר צייט ביז דער לעצטער ברענטש האָט ענדליך איינגעזעהן, אַז זיין אַרבייט צו שיקען רעזאָלוציעס צו דער קאָנווענשאָן אָפּצושאַפען דעם „פריינד" איז אַ ברכה לבטלה. דער „פריינד" איז געוואָרען אַ אינסטיטוציע און ענדליך באַקומען זיין פולע בירגערשאַפט אין אַרבייטער רינג.

עס איז אמת, אַז אויך היינט זענען נאָך פאַראַן מעמבערס אין אַרבייטער רינג, וועמען דער „פריינד" איז ניט איבריגס צום האַרצען, אָבער די געגנערשאַפט פון היינט איז גאַנץ פאַרשידען פון דער געגנערשאַפט פון פריהער. וועהרענד פריהער איז דער „פריינד" באַקעמפט געוואָרען פּרינציפּיעל; זיינע געגנער זענען געוועזען מיט דער מיינונג, אַז דער אַרבייטער רינג דאַרף איבערהויפּט קיין אָרגאַן ניט האָבען, איז היינט בלויז אַ פראַגע וועגען דעם אינהאַלט און פּאָליסי פון „פריינד". מאַנכע וואָלטען וועלען, אַז דער „פריינד" זאָל פאַרוואַנדעלט ווערען אין אַ טרוקענעם כראָנאָלאָגישען בלעטעל, וואָס זאָל ענטהאַלטען די אָפּיציעלע באַשלוסען און פּאַסירונגען פון אַרבייטער רינג, און מאַנכע פאַרקעהרט, וואָלטען גאָר וועלען אַז דער „פריינד" זאָל פאַרוואַנדעלט ווערען אין אַ ריין ליטעראַריש וויסענשאַפטליכען זשורנאַל. די ערשטע, ווי די לעצטע, זענען אומגערעכט, ווייל ביידע זענען צו עקסטרים אין זייערע פאָדערונגען.

דער „פריינד" דאַרף ערשטענס זיין דער אָפּיציעלער אָרגאַן פון אַרבייטער רינג: אין איהם דאַרף זיך אָפּשפּיגלען די טעטיגקייט און לעבען פון דער אָרגאַניזאַציע, און אַזוי ווי דער אַרבייטער רינג איז ניט נאָר אַ בענעפיט־אָרגאַניזאַציע, נאָר אויך אַ געזעלשאַפטליכע, איז שוין במילא, אַז זיין בליק איבער פאַרשידענע געזעלשאַפטליכע פראַגען זאָל געפונען אויסדרוק אין זיין אָפּיציעלען זשורנאַל.

צווייטענס, דאַרף דער זשורנאַל אין זיך אויך ענטהאַלטען אַרטיקלען פון אַ באַלערענדען כאַראַקטער פאַר זיינע מעמבערס, ווי למשל, אַרטיקלען איבער היגיענע און אַלגעמיינע פּאָפּולערוויסענשאַפטליכע אַרטיקלען. דאָס זענען געווען די אויפגאַבען פון „פריינד", ווי זיי זענען פאָרמולירט געוואָרען ביי די פאַרשידענע קאָנווענשאָנס. האָט דער „פריינד" פאַר זיין 10־יעריגער עקזיסטענץ זיינע אויפגאַבען ערפילט? מיר שיינט אַז יאָ.

וויל מען זיך באַקאָנען מיט'ן לעבען פון אר. רינג פאַר די לעצטע 10 יאָהר; די פאַרשידענע שטרעבונגען און מיינונגספאַרשידענהייטען פון דער אָרגאַניזאַציע, זאָל מען דורכבלעטערן אַ פּאָר נומערס „פריינד" פון יעדען יאָר און מען וועט זיך לייכט שאַפען אַ בילד פון יעדער צייט. אין דער צייט פון דעם טרויעריג־באַריהמטען קאַמף אין אַרבייטער רינג צווישען „יונגע" און „אַלטע" האָט דער „פריינד" אָפּגעשפּיגעלט אין זיך יענע קראַנקע פּעריאָדע. אומזיסט האָבען פילע טוער אין אַרבייטער רינג פּראָטעסטירט געגען די שאַרפע פּאָלעמישע אַרטיקלען וואָס זענען צו יענער צייט ערשינען אין „פריינד". די צייט איז דאַן געווען אַזאַ און דער „פריינד האָט געמוזט די צייט אין זיך אָפּשפּיגלען. אין דער צייט פון דער פּראָטוירנאַל רייטס באַוועגונג האָט דאָס זעלבע פּאַסירט, און אַזוי אויך אין פאַרשידענע אַנדערע צייטען און פּעריאָדען. פאַר די לעצטע פּאָר יאָהר, זינט עס האָט זיך אָנגעפאַנגען די באַוועגונג אין אַרבייטער רינג פאַר אַ. ר. שולען, האָט דער „פריינד" געווידמעט פילע אַרטיקלען און אָפּגעגעבען גענוג פּלאַץ פּאָפּולער צו מאַכען די באַוועגונג צווישען די מעמבערס און ברענטשעס פון אַרבייטער רינג. אַז אויפקלערונג אין דער לעצטער באַוועגונג איז נויטיג, וועגען דעם קאָנען־דאַכט זיך קיין צוויי מיינונגען ניט זיין. פילע מעמבערס באַגרייפען נאָך ביז איצט ניט די נויטיגקייט פון ערציהונג פונ'ם יונגען דור און די פאַרדינסטען פון אַרבייטער רינג פאַר נעמען אויף זיך אָט די אויפגאַבע. און מעגען מאַנכע מעמבערס פון אר. רינג זיין אומצופרידען וואָס דער „פריינד" פאַרנעמט זיך מיט אַזעלכע „נאַרישקייטען" ווי קינדער ערציהונג. די ברייטע מעמבערשיפּ פון אַרבייטער רינג וועט אָפּשעצען די דאָזיגע וויכטיגע אַרבייט.

דער „פריינד" קען ניט און טאָר ניט זיין דער אָרגאַן פון דער אָדער יענער גרופּע, פון דעם אָדער יענעם מעמבער אין אַרבייטער רינג. דער „פריינד" דאַרף אין זיך אָפּשפּיגלען און מוז זיך אָפּרופען אויף אַלע ערשיינונגען אין אַרבייטער רינג און העלפען יעדער נייער אונטערנעמונג וואָס די אָרגאַניזאַציע נעמט אונטער און אויף דעם געביט האָט דער „פריינד" גלענצענד זיינע אויפגאַבען ערפילט. מיט ניט ווייניגער ערפאָלג האָט דער „פריינד" זיין צווייטע אויפגאַבע ערפילט. כמעט קיין איין נומער „פריינד" איז ניט ערשינען, וואָס זאָל ניט ענטהאַלטען איינעם אָדער מעהרערע אַרטיקלען פון אַ פּאָפּולער־וויסענשאַפטליכען כאַראַקטער, און ווען מען נעמט נאָך אין אָנבאַטראַכט די באַגרענ'צטע מיטלען פון „פריינד"; אַז ער מוז ערשיינען בלויז אין 32 זייטען, פון וועלכע אַ טייל מוז פאַרנוצט ווערען פאַר אָפּיציעלע זאַכען: ווי צירקולאַרען פון דער עקז., פּראָטאָקאָלען פון די זיצונגען פון דער פאַרוואַלטונג א. א. וו., דאַן מעגען מיר מיט די רעזולטאַטען מעהר ווי צופרידען זיין. איך באַגריס דעם „פריינד" צו זיין יובילעאום און ווינש איהם ערפאָלג אין זיין ווייטערדיגער אונטערנעמונג אויפ'ן געביט פון בילדונג און ערציהונג פון זיינע לעזער.

---

ארטור עסעלין:

## שאַנד

גאָט, דו האָסט אין דיין פורעם מיך באַשאַפען,
אַזאַ שעהנעם, שטאָלצען קאָפּ אויף מיינע אַקסלען,
באַקרויזט מיט לאָקען שוואַרצע זייד.
מיינע אויגען. — דרינגען דורך די הימלען דיינע,
ווי די לאָטוס־בלומען זיינען מיינע באַקען, בלייך —
און טראָגען דער לבנה'ס צאַרטער ענליכקייט.
און אין מיין האַרצען: — די טיעפעניש פון ים'ען,
דער צייט'ס און רוים'ס אונענדליכקייט;
איך שנייד דורך, רייס דורך
די אייביג ריגענדיגע נעבלען —
מיט מיין וועהרען זיך...

אין צעריסענע מיסטעריען פון טעג און נעכט,
וואָס לאָקען מיך...

נאָר ווען מיין מחשבה גרייכט צו דיין לויטערקייט,
ווען איך ערשט די אברים מיינע
פון דיר אָפּגעווענדטע...
ווי ביי אַ חיה, שטייפע, העסליכע...
וואָס קאָכען זיך אין בלוט פון מיינע אָדערען,
אין רויטער תאווה'ס אומבאַהאָלפענקייט...
פאַרשעהם איך זיך,
שעהם איך זיך...

נפתלי:

# אויסגעריסענע בלעטלאַך

(פעליעטאָן)

זיינען מיר היינט עס געבליבן גאָר אָן אַ פּרינציפּען־ערקלערונג? יאָ, יאָ, רבותי, אַזוי הייסט עס.

דאָס ערשטע בלעטעל פון אונזער קאָנסטיטוציע, וואָס מיר האָבען גאַנצע צוואַנציג יאָהר ווי אַן אויג אין קאָפּ אָבגעהיט איז יעצט בלאַנק...

די עטליכע פסוקים און רמזים וואָס זיינען דאָרט געווען איינגע־קריצט נאָך פון קדמונים, פאַר וועלכע מיר זיינען אַלע מאָל גרייט געווען אין פייער אָדער וואַסער אַריינצושפּרינגען, זיינען יעצט אָפּ־געמעקט און אָפּגעריבען...

און געשעהן איז דאָס אַזוי מורא'דיג שנעל, אַז אַ האָהן האָט אפילו קיין צייט ניט געהאַט אַ רעכטען קרעהע טאָן...

מ'איז צום קאָנווענשאָן געקומען, מ'האָט אונז מיט דעם האַרבען וואָרט „גענוּג" אַ סטראַשע געטאָן, ס'איז אַ קאַמף פאָרגעקומען. מ'האָט אַ קאָמיטע ערוועהלט, אַ ראָל־קאָל גענומען און מ'האָט — אַ שוך פאַר אַ לאַפּטשע אויסגעביטען...

דערנאָך האָט מען דאָס דעם „בריוטען עולם" אויף אַ באַזונדער רעפערענדום טעלעריל אונטערגעטראָגען, און מ'איז במעט ווי זיכער געווען אַז דער עולם וועט זיך צו דעם מיט גרויס אַפּעטיט צוכאַפּען און נאָך אפשר גאָר דעם טעלער אויסלעקען...

האָט אָבער דער עולם, ווי עס ווייזט אויס, דעדרשמעקט אַז דער דאָזיגער מאכל איז ניט אַזוי שטאַרק געראָטען, מ'קען זיך נאָך דאַמיט דעם מאָגען פאַרדאַרבען. און איידער צו קריגען אַ שלעכטען מאָגען און ליידען פון בויכווייטאָג איז שוין גלייכער אַביסעל אונטער־צוהונגערן...

אָט אויף אַזאַ אופן זיינען מיר מיט אַמאָל געבליבען „פּרינצי־פּענלאָז"...

באמונות, אַז מיר הויבען ניט אָן צו פאַרשטעהן פון וואַנען צו אונז האָט זיך מיט אַמאָל גענומען אַזאַ מאָדנע גלייכגילטיגקייט.

ס'איז באַ אייך עפּיס אַ קלייניגקייט — אַזוי מיר ניט, דיר ניט אַרויסצורייסען אַ גאַנצע בלעטעל פון אונזער קאָנסטיטוציע? און נאָך וואָס פאַר אַ בלעטעל? דעם סאַמע אורים ותומים! וואָלט מען דאָס אין די אַמאָליגע יאָהרען אויך אַזוי לייכט געטאָן? ס'וואָלטען זיך דאָך וועלטען איבערגעקעהרט! הימלען וואָלטען זיך דאָך געעפענט!

ווער געדענקט דען ניט, וואָס עס פלעגט זיך אָבטאָן אַז מען האָט נאָר אין זינען געהאַט אַ קוצי של יוד אָנצו־ירהרען? וויפיעל קאָנ־פערענצען זיינען גערופען געוואָרען, וויפיעל דעבאַטען און דיסקו־סיעס זיינען געפיהרט געוואָרען, און וויפיעל „פאָלקס־שטימען" זיי־נען געשריבען געוואָרען ווען מ'האָט געוואָלט אין דער קאָנסטיטוציע די פאָרם פון פאַרוואַלטונג איבערבייטען?... וויפיעל רייסעריי און קאַמפען זיינען פאָרגעקומען ווען מ'האָט געוואָלט פון דער קאָנסטי־טוציע דעם עקזיסטענץ פון די „סטייט־קאָמיטעס" אַרויסוואַרפען?... און היינט וויפיעל פּראָטעסטען און רעזאָלוציעס האָבען זיך עס גע־שאָטען ווען ס'האָט זיך געהאַנדעלט וועגען דעם ווער עס זאָל „זיין אָדער ניט זיין" — דער גענעראַל סעקרעטער?...

ווער קען זיך דען אַלעס אָנגעדענקען?!

און היינט? גאָר ניט, שאַ, שטיל, אַרויסגעריסען אַ בלעטעל? נו, איז מיט אַ בלעטעל ווייניגער, און קיינער גיט אפילו ניט קיין פּיפּס!...

שעהנע צייטען דערלעבט!

ווייט איהר דאָך אודאי זאָגען, אַז דאָ האָט זיך געהאַנדעלט וועגען „געזעץ". מ'האָט זיך ניט געקענט העלפען. און מ'האָט זיך געמוזט אונטערוואַרפען.

ס'קען זיין אַז דאָס איז אמת, אָבער פאַרט די אייגענע מעשה, ווי קומט דאָס צו אונז מיט אַמאָל אַזאַ מין שרעקעניש פאַר'ן וואָרט „געזעץ"?... דאַכט זיך אַז דאָס דאָזיגע וואָרט האָבען מיר נאָך געהערט מיט אַ יאָהר צוועלף, אָדער דרייצעהן צוריק, און דוקא אויך אין נואַרק, ווען מ'האָט אונז גענומען דערצעהלען די מעשה אַז ס'איז דאָ אַזאַ זאַך ווי „פּראַטוירנאַל־רייטס", וואָס האָט אַ שייכות מיט דעם דאָזיגען וואָרט... נו, האָבען מיר זיך דאַמאָלט עפּיס דערשראָקען? אַ נעכטיגער טאָג!

פאַרקעהרט, מיר האָבען גאָר פּרובירט מיט אַלע מיטלען זיך צו מאַכען כלא ידע פון דער גאַנצער מעשה... ערשט שפּעטער, אַז מ'האָט זיך אַרומגעזעהן אַז עס וועלט שלעכט האָבען מיר פריהער גענומען די פראַגע „שטודירען", נאָכדעם האָבען מיר אָנגעהויבען טראַכטען וועגען „לעגאַליזירען", און אַז ס'איז שוין געווען „באו מים עד נפש" האָבען מיר זיך געמוזט במחילה אונטערגעבען... און אפילו דאָס אונטערגעבען זיך האָט אויך געדויערט דריי יאָהר צייט. מ'האָט זיך ניט געיאָגט, ס'האָט זיך געצויגען ווי פון פעך, זיך געשלעפּט אַזש פון שיקאַגאָ ביז בראָנקס, און מ'האָט געמוזט האָבען צו דעם פיער, אָדער דאַכט זיך גאַנצע פינף רעפערענדומס...

נאָר דאָס איז געווען אַמאָל! אָבער היינט אַזאַ מין אוילעניש! אַזאַ בחפזונ'דיגער דזשאַב, אַז גאָט זאָל שומר ומציל זיין!

און אַז מ'דערמאָנט זיך נאָך, אַז דאָס איז דוקא געשעהן באַ דער צוואַנציגסטער יובילעאום קאָנווענשאָן פון וועלכער מ'האָט ערוואַרטעט — ווי אונזערע רעדנער זאָגען דאָרט — „אַרויסצוקומען נאָך שטאַר־קער, נאָך מעכטיגער, מעהר איינפלוסרייכער און נאָך מעהר גייסטרייי־כער" ווערט אויפ'ן האַרצען אַזוי קאַלאַמוטנע, מרה'שחורה'דיג. אַז עס ווילט זיך גאָר ניט פרעגען ווי לאַנג מיר־וועלען דאָס דאַרפען בלייבען אַזוי „פּרינציפּענלאָז"...

מ'זאָגט אונז אפילו, אַז די קאָנסטיטושאָן קאָמיטע, וועלכע די קאָנווענשאָן האָט אויסגעקליבען וועט מסתמא ניט שווייגען, און וועט שוין זעהען ווי עס איז דעם אויסגעריסענעם בלעטעל צוריק „אַריינ־צושטאָבען" אין דער קאָנסטיטוציע...

נור מאַלע וואָס מ'זאָגט, מיר האָבען אויפגעהערט צו גלויבען אין דעם וואָס מ'זאָגט.

אָט למשל זאָגט מען אַז אונזערע מעמבערס זיינען אַזוי באַגייי־סטערט פאַר אונזער אָפיציעלען אָרגאַן, אַז ווען ער זאָל חלילה אויפ־הערען צו ערשיינען וואָלטען זיי אויס פּראָטעסט חרוב געמאַכט דעם אָפיס, געממית'ט דעם רעדאַקטאָר, און געצוואונגען די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע צו רעזיגנירען. אַזוי פאַרליבט זיינען זיי אין „פריינד"!

פון דעסטוועגען האָבען מיר געזעהען, אַז מ'האָט ביי זיי געבעטען נאָך אַ ניקעל אַ קוואָרטאַל פאַר זייער באַליבטען אָרגאַן, האָבען מעהר ווי צוויי־דריטעל געענטפערט: לאַ, מיט אַ ספּאָדעק! זיי גיבען ניט, און געה טהו זיי עפּיס! דאַכט זיך, זיי ווייסען גאַנץ גוט, אַז פּאַפּיער איז בלא נמצא, דרוק אַרבייט איז בראַנד טהייער — נו, אַרט זיי אַ סאַך!...

מיינט איהר דאָך אפשר אַז דאָס קומט פון קאַרגשאַפט, פון וועלען איינשפּאָרען אַ ניקעל, מאַכט איהר אַ טעות, אויף אַנדערע זאַכען האָבען זיי דוקא יאָ געגעבען. — דעם סאַניטאַריום אַ ניקעל, דעם „הכנסות אורחים" גאַנצע דריי ניקעלס, אפילו די אידישע שולען האָבען זיי אויך מוסיף געווען עטליכע סענט, נור דעם „פריינד", דעם אָרגאַן, וועלכען זיי ליבען און קענען ניט לעבען אָן איהם — ניט אַ פּעני מעהר!

זעהט איהר שוין וויפיעל מ'קען זיך פאַרלאָזען אויף דעם וואָס „מ'זאָגט"!

הכלל, ס'איז שלעכט! וואָס ס'וועט זיין. דער סוף מיט'ן „פריינד" קענען מיר זיך פאָרשטעלען: אָדער מ'וועט איהם מאַכען אַביסעל מאָגערער, מ'וועט פּשוט יעדען חודש אַראָפּלקח'נען עטליכע בלעטלאַך אַבי אויסצוקומען מיט דער הכנסה. אָדער מ'וועט איהם גלאַט ניט טשעפּען און לאָזען געהן ווי עס געהט. אַ ס'וועט זיין אַ דעפיציט? איז דאָך פאַראַן אַ קאָנווענשאָן, מ'וועט עס שוין ווי עס איז גוט מאַכען. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע וועט שוין די ניקעלס אויפמאַהנען!...

מילא, אויב מ'וועט דאַרפען אויסרייסען עטליכע בלעטלאַך פון „פריינד" קען זיך. נאָך די נעקסטע קאָנווענשאָן אַן עצה געבען און געפינען מיטלען ווי אַזוי זיי צוריק אַריינצוקלעפּען, אָבער וואָס טהוט מען מיט דעם אויסגעריסענעם בלעטעל פון דער קאָנסטיטוציע?... ווען וועט דאָס אַריינגעקלעפּט ווערען?!...

---

די פרויען אין אַמעריקא האָבען מיט אַנ'אמת דערוויזען אַז זיי זיינען שוין אויסגעוואַקסען צו דער זעלבער מדרגה ווי די מענער, ערוועהלענדיג צוזאַמען דעם מילדען און ווייכען האַרדינג אַלס דעם פּרעזידענט פון דער רעפּובליק...

* * *

ווילסאָן האָט געוואָלט די גאַנצע וועלט זיכער מאַכען פאַר דער „דעמאָקראַטיע", נו, האָט ער איר אַזוי זיכער געמאַכט אַז אַפילו זיין סאָלידע סאָוט האָט זיך גענומען בונטעווען...

* * *

בראַוועր ווראַנגעל! ער קען זאָגען ווי יוליוס צעזאַר: געקו־מען, געזעהן און... פאַרשפּילט!

איר קענט זיין אַ גוטשטעהענדער מעמבער אין אַ. ר. צאָלענדיג אייער „דיוס", אָבער אום צו ווערען אַ ניצליכער און טעטיגער מעמבער מוזט איר זעהן, אַז אויך אַ נ ד ע ר ע זאָלען צאָלען זייערע דיוס.

* * *

מ'מעג זיין אַן אייביגער „קיקער" און קריטיקער אויב מ'בע־צאָלט דעם פּריז מיט אייגענע אויפּאָפּערונג און אַרבייט.

* * *

פּרעזידענט פּילסודסקי פון פּוילען, פּונקט ווי זיין פאָרגענגער פּרעזידענט פּאַדערעווסקי, שפּילט פאַלשע טענער פון אַ פאַרעלטערטער פאָרטאָפּיאַנאָ...

# קינדער־ליטעראַטור

פון ש. ניגער

ד.

## לידער פאַר גרעסערע קינדער.

צו די לידער, וואָס זענען באַשטימט פאַר גרעסערע קינדער, דאַרפען צוגערעכענט ווערען די „מעשה'לעך“ פון נסתר, די לידער פון יעקב פיכמאַן און פון הערשעלע, די פּאָעמעס פון מאַני לייב און אייניגע אַנדערע זאַכען, וואָס וועלען שפּעטער דערמאַנט ווערען.

די „מעשה'לעך“ פון נסתר („קיעווער פאַרלאַג“, 1918) זענען, פריהער ווי אַלץ, כאַראַקטעריסטישע נסתר־לידער. זיי זענען פול מיט עפּעס אַ מין פאַנטאַסטישער נאַטור און אַ נאַטירליכער פאַנטאַסטיק. די, וואָס פאַרשטעהען ניט דעם „דערוואַקסענעם“ נסתר'ן, זאָלען לייענען זיינע קינדער־לידער — וועלען זיי לייכטער פאַרשטעהן און בעסער אָפּשאַצען אָט דעם וואונדערליכען גייסט, וואָס איז צוגלייך אי פאַרשטעלט, אי אָפען, אי פאַרפּלאָנטערט, אי קלאָר, אי קלוג, אי נאַאיוו, אי שווער, אי לייכט, אי אַלט, ווי דאָס פאָלק, פון וועמענס טיפסטע קוואַלען ער טרינקט, און קינדיש, ווי דאָס קינד, וועמען ער דערצעהלט זיינע „מעשה'לעך“... יע, זיינע קינדער־מעשה'לעך זענען אַ שליסעל צו די מעשיות, וואָס ער שרייבט פאַר דערוואַקסענע און וואָס זענען, אין תוך, די אייגענע, וואָס יענע, די קינדערשע, נאָר מעהר פאַרוויקעלט, פון אַ טיפערער טיף געשעפּט און אויף אַ העכערער הויך אַרויפגעבראַכט — און דאָס איז דער בעסטער באַווייז, אַז זיינע קינדער־לידער זענען ניט געמאַכט פאַר קינדער, נאָר געשאַפען... און דערפאַר זענען זיי ניט פאַר דער קינדער־ליטעראַטור אַליין אַ געווינס, נאָר פאַר אַלע לעזער, סיי קינדער און סיי דערוואַקסענע.

געווים זענען דאָ אין די לידער אייניגע שווערע און סתם ניט קיין געלונגענע פערזען און גאַנצע סטראָפען. צום ביישפּיל: די לעצטע (אַגב, איבעריגע) סטראָפע פון דער „מעשה מיט אַ האָהן“:

איז פון דאַן און אַלע נאַכט,
און וויסיג זאָל עס זיין,
אַז העגדעלעך זיי טוען דאַן
נשמות מזכיר זיין.

אָבער אפילו אָט דאָס ליד גופא איז, איינגאַנצען גענומען, זעהר גוט. דערהויפּט איז גאַנץ פיין דער אָנהויב:

איינס און איינס איז צוויי,
צוויי און איינס איז דריי —
האָב איך מיר אַ לידעלע,
לידער—לידער—ליי.

זינג איך מיר דאָס לידעלע,
הויב איך עס מיר אָן:
אויף אַן אַלטען בוידימעל
האָט געוואוינט אַ האָהן...

אַלע, וואָס וועלען לייענען די „מעשה'לעך“ און איינלעבען זיך מיט זייער אייגענאַרטיגער, ניט גאָר האַרמאָנישער שפּראַך, וועלען פיהלען זיך אַריבערגעטראָגען אין אַן אַנדער, אַ נייער וועלט, אין אַ וועלט, וואָס איז אַזוי נאַטירליך אין איהר פאַנטאַסטישקייט און אַזוי פאַנטאַסטיש אין איהר נאַטירליכקייט, אין אַ וועלט, וואָס אַן אַנצוהערעניש אויף איהר גיט אונז נאָר נסתר אין זיינע מעשה'לעך און דער אידישער מאַלער מאַרק שאַגאַל — אין זיינע צייכענונגען און בילדער.

אַגב, אַ פּאָר נסתר'ס „מעשה'לעך“ זיינען טאַקע אַרויסגעגעבען געוואָרען באַזונדער מיט שאַגאַל'ס וואונדערליכע צייכענונגען — און דאָס איז די גליקליכסטע צונויפפּאָרונג פון וואָרט און צייכען־קונסט.

פאַר גרויס און קליין (אָבער ניט גאָר קליין) זענען אויך די לידער פון יעקב פיכמאַן: „וואָס דער קוואַל זינגט“ („קיעווער פאַרלאַג“, 1918, מיט וויניעטען און צייכענונגען פון י. טשייקאָוו, ב. צוקערמאַן און אַנד.). פיכמאַן האָט דאָס רוב אויך נישט ברעה געהאַט צו שרייבען פאַר קינדער. עס איז אָבער וואָך געווען אין איהם, ווען ער האָט געשריבען די לידער דאָס פיכמאַנשע, און דערפאַר אַליין קאָנען זיי שוין לייענען דאָס רוב אי דערוואַקסענע, אי קינדער:

קילער, שטילער אָוועגטוויגט,
קומסט פון וויטען לאַנד אַצינד,
קומסט פון סטעפּען אָהן אַ וועג,
קומסט פון ים'ען אָהן אַ ברעג...

אָדער:

אויפ'ן גרויסען ים
און אויפ'ן פרייען פעלד
פליהט אַ פויגעלע
פון דער וויטער וועלט

לאָזט באַלד אַראָפּ
זיינס אַ פליגעל מיד;
זינגט זיך אויף אַ צווייג
טרויעריג זיין ליד
א. אַז. וו.

דאָס איז ניט קיין שטאַרק, אָבער אַ שטיל און איינפאַך פיכמאַן־ליד. דערמיט וויל איך ניט זאָגען, אַז אַלע לידער פיכמאַנס פּאַסען זיך פאַר קינדער, נאָר — אַז אין זיין איינפאַכער, קלאָרער, דורכזיכטיגער, ציטערדיגער ליריק איז בכלל דאָ עפּעס קינדישס, און דעריבער איז איהם לייכט צו שרייבען זאַכען, וואָס זיינען גוט פאַר קינדער. גוט איז אויך, וואָס ער מישט אָפּט אַריין אין זיינע פערזען טענער פון פאָלקסליד („ציפּ, צאַפּ, העמערל“, „גאָט, גאָט, גיב אַ רעגען“). עס איז אָבער אַ שאָד, וואָס אין איינעם אַ ליד („טאַנץ־ליד“) טרעפען מיר ביי איהם אַזוינע טרוקענע, מגיד'ישע פערזען, ווי:

די זון שיקט אונז אַלע
איר ברכה, איר שיין —
צי דאַרף מען דען גיטער
אויף גליקליך צו זיין?

די טויבעלעך ברומען
אַראָפּ פונ'ם דאַך —
וואויל דעם, וואָס באַגערט ניט
קיין רייכקייט אַ סך.

און אויסלאָזען לאָזט זיך דאָס ליד אויס:

אונז פּאַסט נאָך זיך דרעהען
ראָד־אויס און ראָד־איין —
אַז וואויל איז אונז אידישע
קינדער צו זיין!

מילא, אַ פרומער איד וועט אַזאַ זמר'ל פאַרשטעהן: אָבער אַ קינד פון היינטיגען דור קאָן אמאָל אַ פרעג טון: מיט וואָס איז דאָס אַזוי וואויל, וואָס מיר זענען אידישע קינדער? און וואָס מיינט מען דערמיט? אַ חוץ דעם איז שלעכט, וואָס יעקב פיכמאַן גראַמט וואָליניש „ים“, יאָם) מיט „שטראָם“ און וואָס ער געוואוינט צו דאָס קינד צו אַזאַ געקינצעלטען פערז, ווי: „דיר אַליין נאָר וואָך זיין האָט — אָנגעזאָגט דער ליבער גאָט“... אָבער נישט געקוקט אויף די אייניציגע פעהלערן און עטליכע שוואַכע לידער קאָן דאָס ביכעל דאָך אויסגעניצט ווערען פאַר גרעסערע קינדער, כאָטש עס איז ניט אַזוי אָריגינעל, ווי די „מעשה'לעך פון נסתר.

אייניציגע געלונגענע לידער זענען דאָ אויך אין הערשעלע'ס „זון־פויגעלעך“, „אַ זאַמלונג לידער פאַר אידישע קינדער“ („אידישע קינדער־ביבליאָטעק“, לאָדז, 1918). שוין דאָס ערשטע ליד אין ביכעלע האָט אין זיך עפּעס אַ פרישקייט:

נעם איך מיר אַ שפּיגעלע,
שטעל מיך קעגען זון;
שפּיגלען זיך זון־פויגעלעך
אויפ'ן וואַנט דערפון.

פּרובען זיי די קינדערלעך
פּאַקען מיט דער האַנט;

וועגדט איך אָפּ דאָס שפּיגעלע,
בלייבט זיך קאַלט די וואַנט.

רויטלען זיי פאַרוואונדערטע
פּנים'ם כשוף־שיין:
ס'איז די וועלט אַ רעטעניש —
שפּיגעלט אייך נאָר איין!

און עס זיינען דאָ נאָך עטליכע לידער, וואָס קאָנען דעם יונגען מאַן און אויך דעם דערוואַקסענעם לעזער פאַרשאַפען אַ געוויסען פּאָעטישען פאַרגעניגען. אָבער דאָס ביכעל האָט זעהר אַ גרויסען חסרון — דאָס איז די רויקייט און ווילדקייט פון דער שפּראַך. אפילו אין דעם שענעם ליד, וואָס איך האָב נאָר וואָס ציטירט, איז די לעצטע שורה — „שפּיגעלט אייך נאָר איין" — כמעט אומפאַרשטענדליך. און אַזעלכע אומפאַרשטענדליכע אָדער פּשוט שלעכטע, פאַרדרייטע, ניט־אידישע ווערטער און ווערטלעך זענען דאָ אין דעם גרעסטען טייל לידער. איך וועל ברענגען נאָר עטליכע ביישפּילען. יעדע פון די סטראָפען אין דעם ליד „אַ באַגינען" הויבט זיך אָן מיט איינעם פון די פאָלגענדיגע פערזען: „אַ ווינטעל צוכעט זאַכט פונאַנדער"; „דער נעבעל רויכערט לייכט פונאַנדער"; „אַ הינטעל האַווקעט לויט פונאַנ־דער" א. ד. ג. איז דאָס אידיש? אָדער נעמט דאָס ליד „אין וואַלד־גן־עדן". ס'איז אַ ניש־קשה'דיג לידעל; אָבער עס לאָזט זיך אויס מיט אַזאַ מין סטראָפע:

שוואַלב און פויגעל פראַנק און פריי
העלפען מיר אין פריידען;
איך באַגייסטער מיך דערביי,
פלאַטער אין גן־עדן...

וואָס הייסט עס: „שוואַלב און פויגעל" — אַ שוואַלב איז ניט קיין פויגעל? און וואָס הייסט „איך באַגייסטער מיך דערביי — ביי וואָס? און וואָס איז דאָס פאַר אַ „באַגייס־טערונג", וואָס קאָן אפילו ניט צוטראַכטען קיין רעכטען גראַם צו „פריי" און מוז זיך נעבאַך מאַטערן מיט'ן „דערביי"? און אַזוינע געמאַטערטע אויסדריקען טרעפט איר אין ביכעל אַזוי אָפט, אַז אפילו די בעסערע לידלעך דערעסען אייך. עס ווערט ביי אייך אַ ספק, צי הערט דער פאַרפאַסער אַליין, וואָס ער רעדט, ווען איהר לייענט ביי אים אַזאַ מין פערז, ווי — „עס רויטלען די נעבליטען" (אבי אַ גראַם צו „שליטען"!)

אָבער נאָך מעהר, ווי די שלעכטע שפּראַך, שטערט די מליצה און די סענטימענטאַליטעט, וואָס פילט אָן די לידער. זיי „באַ־זינגען" כמעט אַלע די נאַטור, אָבער וואָס איז עס פאַר אַ נאַטור, וואו, אַ שטייגער, די מאַי־גלעקלעך זענען ניט קיין, פרישע, לע־בעדיגע, אַזוי צו זאָגען, נאַטירליכע בלומען, נאָר —

די קעפּ געקרוינט אין זילבער־טוי,
פון ווינט געקרייזט די לעקלעך;

צו קלינגען לויט אין פרילינגס־גלאָק,
די פרעכטיגע מאַי־גלעקלעך.

דאָס לייב געצירט אין גרינעם זייד,
די שפּיצען בונט, אין צעקלעך;
צעשיינען העל אין זונען־ליכט,
די פרעכטיגע מאַי־גלעקלעך.
א. אַז וו.

דער פאַרפאַסער מיינט, אַז ער מאַכט די זאַכען צאַרט און קינדיש, ווער ער רופט זיי אָן מיט פאַרקלענערונגס־נעמען: „צעקעלע", „גלעקעלע", „פרעסטעלע", „שטייגעלע". ביי מיר איז אָבער אַ גרויסער ספק, צי האָבען יונגע לעזער באמת טאַקע ליב אַזוי אין דער פּאָעזיע „זיסע זאַכען". זיי האָבען, דוכט זיך מיר, אַ נאַטירליכערען און געזינטערן גוסט. און זיי וועלען זיין גערעכט, ווען זיי וועלען צום גרעסטען טייל לידער העדשעלעס בלייבען קאַלט און גלייכגילטיג.

דער גע'מלאכה'טער טייל אין ביכעל איז דער, וואָס הייסט: „בעלי מלאכות". אַ אידעע האָט דער אויטאָר געהאַט דאָ דוקא אַ פיינע — געבען אַ ציקל לידער וועגען פאַרשיידענע מלאכות, דערהויפּט די, וואָס זענען פאַרשפּרייט צווישען אידען: „שניי־דעריי, שוסטעריי א. אז. וו. אָבער דער פאַרפאַסער איז נישט באַגייסטערט געוואָרען פון דער אידעע, און נישט נאָר קיין קינסטלער איז ער ניט אין זיינע לידער וועגען די „בעלי מלאכות", ער איז אפילו נישט קיין גוטער בעל־מלאכה. וועגען דעם שמיד, וועלכער האָט, אגב, אָנגעצונדען שוין ניט איין פּאָעט מיט די פונקען, וואָס פליהען פון אונטער דעם האמער, וועלכער שמידט גליהענדיג אייזען, — וועגען אָט דעם סימוואָל פון גבורה און שאַפען האָט אונזער פאַרפאַסער צו דערצעהלען נישט מעהר, ווי דאָס, אַז עס —

הויבט די צוואַנג און לעגט דאָס אייזען,
אַזוי לאַנג ס'איז הייס;
לאָמט דאָס פערד אין מיטען רייזען (!)
מוז מען דאָס פון שמערין דערלייזען —
שמידט מען דאָס אויפ'ס'נייס (?)

און אויף אונזער שניידער זאָגט ער: „אַזוי שערט ער, נייט ער — פול מיט מיה און פליים (און אַנדערע בעלי־מלאכות זענען ניט „פול מיט מיה און פליים?); ביז (?) מיר טראָגען קליידער — וואַרעם, גוט און הייס"... „וואַרעמע" קליידער לוינט אים ניט, ער וויל, אַז עס זאָל אונז זיין אין זיי „הייס". ער וויל מאַכען דעם שניידער פאַר אַ פאַרטאַטש, איהם איז וועניג, וואָס ער איז אַליין אין זיין פאַך אַזאַ קנאַפּער בריה. צו אַלע מעלות, — וויל ער, אַז מיר אַלע זאָלען געברויכען די פּוי־לישע אויסשפּראַך, און עס זאָל ביי אונז אַלעמען זיך גראַמען: „טייבעל" מיט „היכל", „שווימען" מיט „ברומען" א. ד. ג.

ניין, פון הערשעלעס „זון־פויגעלעך" וועט מען מעהר, דוכט זיך מיר, נישט אויסקלייבען, ווי עטליכע געצעהלטע זאַכען.

אײדאַ מילליס:

# די אַלטע
(פאָלקס־מאָטיוו)

ס'איז הייליג און טייער
פאַרבליבען ביי איהר
אַ בריעף, איהר געשריבען
אויף ראָזען פּאַפּיר.

דער איינציגער אנדענק
פון איהר ליעבעס־טרוים;
זי לעזט עס אָפט איבער
און עס גלויבט זיך איהר קוים,

אַז צעהנדליגע יאָהרען
שוין זיינען אוועק,
צוזאַמען פאַרשוואונדען
די בענקשאַפט און שרעק.

ניטאָ מעהר קיין שטורעם,
קיין פלאַם אין איהר ברוסט,
ס'איז קאַלט שוין, פאַרפראָרען
די שמערצליכע לוסט...

דאָך פרעהט זיך די אַלטע
וואָס אַלץ איז אַזוי;
אַבי שוין בארוהיגט
און ס'האַרץ טוט ניט וועה...

זי נעמט אָן דעם בריוועל
מיט טרייסלענדע הענד
און טראַכט: צי וואָלט ער נאָך
מיך איצטער דערקענט?....

# איך דערמאָן מיך

פון י. אדלער

אזוי ווי א קנויל וויקעלט זיך פאנאנדער אין זכרון ביי מיר יענע אלטע צייט, ווען אונזער ארבייטער רינג איז אריין אין די „הויכע פענסטער"; ווען ער איז ארויס פון וויגעלע און גענומען געהן אויף די אייגענע פיס. ווען דאָס קליינע יונגע ביימעלע איז געוואָרען א גרויסער בוים, מיט מעכטיגע צווייגען, מיט וויים־ראָזעווע בליהטען.

איך דערמאָן מיך:

ווי אונזער ברענטש ערוועהלט מיך צו דער ערשטער עקזעקוטיוו. מיך, פריינד קאטץ און פריינד קאלינאָוו (שוין נישטאָ צווישען די לעבעדיגע) און מיר קומען זיך צוזאמען מיט די פריינד פון ברענטש איינס און ברענטש צוויי, אין דריי קליינע טוכלע צימערען אין 227 הענרי סטריט אויפ'ן „סטופ". אין א טענעמענט־הויז צו א זיצונג.

דאָרטען דארפען מיר עס פארהאנדלען געשעפטען וועגען דעם נייעם, ערשט־געגרינדעטען אָרדען.

גענאָסע ב. פייגענבוים איז אונזער איינציגער באצאָהלטער בעאמטער. ער גיט אוועק זיין גאנצע צייט, צעהן און צוועלף און אמאָל פופצעהן שעה א טאָג פאר 15 דאָלאר א וואָך.

און אזוי ווי די געזעצען פון אָרדען האָבען געלויטעט, אז מעהר ווי איין באצאָהלטער באאמטער טאָר נישט זיין און גענאָסע פייגענבוים מוז האָבען הילף, בלייבט: ער זאָל צונעהמען אַן ארויסהעלפער. אָבער... פון זיינע „וויידזשעס", דאָס הייסט פון די 15 דאָלאר א וואָך דארף ער ארונטערגעבען דריי דאָלאר פאר דעם ארויסהעלפער.

און ער האָט טאקע אזוי געטהאָן: דעם פארשטאָרבענעם פריינד פנחס לעווין'ס א בחור'ל איז געוואָרען פייגענבוים'ס אסיסטענט...

וואָס זשע מיינט איהר, האָט דער באצאָהלטער בעאמטער, גענאָסע פייגענבוים, געדארפט טאָן פאר זיינע 12 דאָלאר א וואָך? אט וועט איהר הערען: פיהרען אלע ביכער, ארויסשיקען בריעף און פאָסטעל־קארדס צו די ברענטשעס, ארויסשיקען בריעף אָדער פאָסטעל־קארדס צו די עקזעקוטיווע און צו דער גריוועגס קאָמיטע צו קומען צו די מיטינגען; באזוכען די ברענטשעס און זעהן וואָס זיי מאכען; ארויסגעבען א געשריבענעם „בולעטין". אזא מין צייטונג, וואָס דארף זיין דער עמוד האש, דער וועג־ווייזער, דער אויפקלעהרער צווישען די מיטגליעדער, און א חוץ די אלע ארבייטער, האָט ער, גענאָסע פייגענבוים, נאָך געהאט א „דזשאב" צו האלטען ריין די דריי צימערלעך, אָפּשטויבען דעם שטויב, אויסקעהרען די פלאָרס און ווינטער צו מאכען דעם אויוועו...

אין אמעריקאנער לשון הייסט עס א „דזשעניטאָר".

דערמיט האָט זיך נאָך אויך זיין ארבייט ניט געענדיגט. ער האָט אויך געהאט אין זינען איינצוברענגען דעם ארבייטער רינג געלד...

האָט איין מאָל פאסירט, אז מיר, די עקזעקוטיווע, איז זיך צונויפגעקומען אין א מאָנטאָג אָבענד צו א מיטינג, האָבען מיר געטראָפען אונזער „דזשעניטאָר", גענאָסע פייגענבוים הייסט עס, אויסקעהרען דעם „אָפּיס" מיט א שפּאָגעל־נייעם בעזים. שפּעטער, נאָך דער זיצונג, בשעת אונזער „דזשעניטאָר", גענאָסע פייגענבוים, האָט אריינגעגעבען זיינע בילס פאר אויסגאבען, האָט זיך אויך געפונען א ביל: „17 סענט פאר א נייעם בעזים".

האָבען מיר זיך אלע געוואונדערט: — סטייטש, 17 סענט א בעזים? אז א בעזים קאָסט דאָך איבעראל 20 סענט? וואו האָט איהר עס, גענאָסע פייגענבוים, געכאפּט אזא ווילדע מציאה?

— וואָס הייסט וואו? — אין דעלענסי סטריט; איך האָ[...] אויסגעפונען, אז דאָרטען איז א „סייל" אויף בעזימס, בין אי[...] אוועק צום „סייל" און געקויפט פאר 17 סענט א נייעם בעזים.

— ווער האָט איהם פאר אייך אהיימגעטראָגען?

— וואָס הייסט ווער? איך.

— זייט איהר געגאנגען פון דעלענסי סטריט ביז הענר[...] סטריט מיט א בעזים אין האנד?

— וואָס איז דאָ די שאנדע?

אָט אזוי האָט דער גענעראל סעקרעטער פון יענעם צי[...] איינגעשפּאָרט דעם ארבייטער רינג דריי סענט.

איך דערמאָן מיך:

מען פרעגט דעם גענעראל סעקרעטער: וואָס הערט זיך[...] דער אָרדען ווערט גרעסער? ער ענטפערט מיט גרויס באגייס[...] טערונג: לעצטען מאָנאט זענען צוגעקומען זעכצעהן מיטגלידער[...] זעכצעהן מיטגלידער אין א חודש צייט. און מיר, די „בא[...] לעבאטים", פרעהען זיך מיט גענאָסע פייגענבוים צוזאמען.

איך דערמאָן מיך:

אונזער ברענטש דריי, ארבייטער רינג, פייערט א גרויס[...] יום־טוב, ווען מיר געפינען אויס, אז דער ארבייטער רינג האָ[...] שוין פ י ע ר ה ו נ ד ע ר ט מעמבערס. „אונזערע פיע[...] הונדערט" — וויצלען מיר זיך — און דער יום־טוב איז גרויס.

איך דערמאָן מיך:

מען שלאָגט פאָר אין א געוויסען ברענטש א נייעם מעמבער. מען שיקט א קאָמיטע זיך זעהן מיט דעם פאָרגעשלאָגענעם. פרייטאָג ביים מיטינג גיט די קאָמיטע אָפּ איהר רעפּאָרט: „דער פאָרגעשלאָגענער איז נישט פאסענד פאר אונזער ארבייטער רינג".

— פארוואָס? — פרעגען אלע.

— ווייל מיר האָבען ביי איהם אויפ'ן טיש געטראָפען דעם „טאָגעבלאַט".

און עס בלייבט: אז ער איז נישט פאסענד...

א צווייטען קאנדידאט האָט מען צוריקגעוויזען אין אַן אנ[...] דער ברענטש בלויז דערפאר, וואָס ער האָט אליין ערקלעהרט, אז זייט ער לעבט האָט ער נאָך נישט געהערט האלטען קיין רעדע[...] דעם רעדאקטאָר פון „פאָרווערטס". האָט מען איהם געפרעגט:

— און דעניעל דע'ליאָן האָט איהר יאָ געהערט?

— אויך נישט.

— אויב אזוי — קענט איהר צום ארבייטער רינג נישט באלאנגען!

און ער איז טאקע נישט אריינגענומען געוואָרען.

מיר האָבען געזוכט פארטיגע אינטעליגענטען... פאר דעם פּשוט'ן ארבייטער, פאר די קאָנסערוואטיווע מענשען, האָבען מיר געוואָלט פארמאכען די טיהרען.

אָבער די צייטען האָבען זיך געענדערט! איצט, ווען איך וואַרף אָן, אין איילעניש, די עטליכע ווערטער, זענען די טיהרען פון ארבייטער רינג אָפען פאר אלע עהרליכע מענשען; דער אָפּיס אין „פאָרווערטס" בילדינג איז א „שטעדטעל" פאר זיך: צעהנדליגע בוכהאלטערס און טייפּרייטערקעס און גלאט אזוי אָפּיס־מענשען ארבייטען ווי די ביהנען; א גרויסער זשורנאל, „דער פריינד", ווערט ארויסגעגעבען, און די צאָהל פון איהרע מיטגלידער איז א י ב ע ר א כ צ י ג ט ו י ז ע נ ד!

קורץ: פון דעם קליינעם יונגען ביימעלע, איז געוואָרען א גיגאנטישער בוים מיט מעכטיגע צווייגען. — וועלכער שטורעם קען עס איהם איבערשרעקען?!

---

די צייטען זיינען נישט גוט: מ'פאָדערט וויניג און דער יקרות איז גרויס. אמת אָבער דאָס איז נאָר אַן אורזאַכע איהר זאָלט פּינקטליכער צאָלען אייער ברענטש־ביל. אין אַזאַ צייט טאָר מען דאָך געוויס [...] בלייבען הילפלאָז אויסער דעם „רינג".

* * *

די קאָורטס וואָלטען נישט געווען קיין שלעכטע אינסטיטוציעס, אויב מיר וואָלטען דאָרט געקריגען גערעכטיגקייט און די תלמוד־תורה'ס וואָלטען אויך נישט אזוי שלעכט געווען, אויב מ'וואָלט טאַקע דאָרט געלערנט תורה, די אמת'ע תורה פאָר די קינדער פון די פאָלקס־מאַסען...

# דער „פריינד“ און די פרוי

פון דר. אסתר לוריע

„איהר מאכט א גרויסען טעות, אויב איהר מיינט, אז פרויען [ל]עזען אייערע ארטיקלען. זיי לעזען איבערהויפט ניט און לעזען [...]ים וואס איהר שרייבט“, זאגט אן אגענט פון א אידישער צייט־[ש]ריפט צו א אידישער שריפטשטעלערין. און אומגערעכט איז [ד]ער דאזיגער אגענט נים. די אידישע פרוי לעזט ווענינ. מיר [ק]ענען זיך אויף דעם פלאץ ניט ארייגלאזען אין די אורזאכען פון [ד]ער דאזיגער ערשיינונג. פאר אונז איז פיל וויכטיגער אויפ־[צו]ציינען, וואס דער ארבייטער רינג זשורנאל קען טאן, כדי א [גר]ויסע צאהל פון אידישע פרויען, דאס הייסט די ווייבער פון די [א]רבייטער רינג מיטגלידער זאלען געפינען אין איהם אן אינ־[ט]ערעס.

די ספעציעלע פרויען צייטשריפטען אין ענגליש האבען אן [...]ויסערגעוועהנליך גרויסען קרייז לעזער. דאס פאסירט צוליב [ד]עם, וואס די פרוי געפינט אין די דאזיגע זשורנאלען אלעס, [וו]אס איז פאר איהר סיי ניצליך סיי אינטערעסאנט: אנהויב[...]ענדיג מיט מאדע־אילוסטראציעס און פאטראנען און ענדיגענ[ד]יג מיט פאליטיש־סאציאלע פראגען. זעלבסטפארשטענדליך, [א]ז דער „פריינד“ קען ניט און דארף ניט געבען דער פרוי אזא [ש]טאף. ערשטענס, איז דאס ניט אין איינקלאנג מיט די צילען [פ]ון אן ארבייטער־זשורנאל. צווייטענס, איז דער „פריינד“ ניט [קי]ין פרויען־זשורנאל, נאר אן ארבייטער־צייטשריפט.

די ווייב פון ארבייטער רינג מיטגליד איז א הויז־פרוי און [...] מוטער און זעלבסטפארשטענדליך, אז זי וועט זוכען אין [„]פריינד“ פראגען, וועלכע קענען איהר ארויסהעלפען אין איהר [...]עגליכען לעבען. און איינע פון די וויכטיגסטע פראגען אויף [ד]עם געביט איז די מעדיצינישע. דער פרוי קומט אויס אלס [מ]וטער צו זיין א שטיקעל דאקטאר. א קינד צוקלאפט זיך, א [ק]ינד דארף הילף — די הילף איז נויטיג מאמענטאל, א דאקטאר [א]יז זעלטען מעגליך צו קריגען צו דער מינוט. איך געדענק אזא [פ]אלל. א פרוי מיט א דריי־יאהריגער מיידעלע זענען אליין אין [ה]ויז. דאס קינד צוקלאפט זיך דעם קאפ — בלוט גיסט אהן אן [ש]יפהער. די מאמע וויינט, דאס קינד וויינט, די מאמע הויבט [...]ט אן צו וויסען וואס מען טוט. נאך א דאקטאר לויפען קען זי [...]ט, ווי לאזט מען דאס קינד אליין? מיט אמאל פאסירט איי[...]ענטליך א נס. עס קומט אריין א באקאנטע, וועלכע שטעלט אפ [...]מאמענטאל דאס בלוט־גיסען. אזעלכע ביישפילען וואלטען מיר [ג]עקענט ברענגען אהן א שיעור. ארטיקלען וועגען שנעלער הילף [...]ן איבערהויפט וועגען מעדיצינישע פראגען קענען זיין זעהר [נו]צליך פאר דער פרוי פון ארבייטער רינג מיטגליד. אין צוזא[מ]ענהאנג מיט דעם איז פאר דער פרוי אויך וויכטיג צו וויסען, [וו]אס צו געבען עסען דער פאמיליע. א נארהאפטע שפייז האט [א] גרויסע באדייטונג. ביי אונז שרעקט מען זיך אפט פאר אזעל[כ]ע פראגען. מען האט מורא, אז דאס שמעקט מיט שונד. אין [ד]ער אמת'ן אבער קענען ארטיקלען וועגען דעם כעמישען אינהאלט [פ]ון שפייז און זייער באדייטונג שפילען א גרויסע, א גאנץ גרויסע [ר]אלע.

מיט מעדיצינישע און כעמיש־מעדיצינישע ארטיקלען קען [ד]י פרוי געפינען הילף פאר דער פיזישער ערציהונג פון איהרע [ק]ינדער. פאר דער גייסטיגער ערציהונג דארף זי האבען א צוויי[...]רלייען מאטעריאל: א מאטעריאל, וועלכען זי זאל קענען אומ[...]יטעלבאר ברענגען צו איהרע קינדער; א מאטעריאל, וועלכער זאל איהר העלפען אין דער גייסטיגער ערציהונג פון איהרע קינ־דער. צו דעם ערשטען זארט געהערען קינדער־מעשה'לאך, צום צווייטען ארטיקלען וועגען ערציהונג און פסיכאלאגיע.

מעשה'לאך איז אייגענטליך דער שטאף פאר קינדער. אין דער אמת'ן אבער זענען זיי אויך וויכטיג פאר די מאמעס. די קינדער, וואס קענען נאך ניט לעזען אליין, קענען די לעצטע זיי דערצעהלען אין דער ריכטיגער אדער איבערגעאנדערשטער פארם, ווען עס איז נויטיג. איבערלעזענדיג די דאזיגע מעשה'לאך האט די מוטער א מאטעריאל צו פיהרען וועגען דעם א געשפרעך מיט איהרע עלטערע קינדער, וואס זענען אימשטאנד זיי אליין דורכ־צולעזען.

וועגען קינדער־ערציהונג איז פאר דער מוטער זעהר וויכטיג צו וויסען, וואס א קינד שטעלט מיט זיך פאר. עס איז וויכטיג צו וויסען, וואס א קינד איז פעהיג אויפצוטאן אין א געוויסען עלטער, כדי ניט אויסצומאטערן איהם מיט זאכען, וועלכע זענען פאר איהם נאך ניט פאסיג. דאס איז אייגענטליך די טעארע־טישע זייט פון דער פעדאגאגיק. פאר דער מוטער איז אבער ניט ווייניגער וויכטיג די פראקטישע זייט. עס איז נוצליך, אז די מאמע זאל וויסען וועגען די פארשידענע מעטאדען, וואס ווערען אנגעווענדעט אין די שולען. עס איז נויטיג, אז די מאמע זאל זיין פארבונדען מעהר מיט דער שולע, ווי זי איז אין דער אמת'ן. ארטיקלען וועגען דער פראגע קענען פיל אויפטאן. גע־וויס מוז אן ארבייטער רינג זשורנאל זיך מעהר אפגעבען מיט דער פראגע פון אידישע שולען. דאס דארף פאסירען ניט צוליב דעם, וואס די אידישע שולע איז וויכטיגער פאר דער פאבליק סקוהל, נאר צוליב דעם וואס די לעצטע עקזיסטירט, און די ער־שטע האלט מען אין בויען. און אזוי ווי דער ארבייטער רינג איז דער גרינדער פון דער שולע, דארף זיין ארגאן, זעלבסטפאר־שטענדליך, זיך אפגעבען מיט דער פראגע. אבער דאס הייסט ניט, אז אויף די געשעהענישען פון פאבליק סקוהל זאל זיך „דער פריינד“ ניט אפרופען. דער שילער פון דער אידישער שולע איז דאך אין דער זעלבער צייט א שילער פון פאבליק סקוהל.

אויב מיר שטעלען זיך צום סוף פון אונזער ארטיקעל אפ אויף דער געזעלשאפטליכער פראגע, איז דאס ניט צוליב דעם וואס מיר גלויבען, אז זי איז ווייניג וויכטיגער פון אנדערע. אין דער דאזיגער פראגע האט „דער פריינד“ א ברייט פעלד פון ארבייט, איבערהויפט איצט, ווען די פרוי האט שטימרעכט. און דאס איז פאר'ן ארבייטער רינג וויכטיג אין באצוג צו זיינע מיט־גלידער, מענער. א רוסיש גלייכווארט זאגט: „אז א פרוי וויל, וועט זי אויספיהרען“. ווען די פרוי וועט זיין דורכגעדרונגען מיט דעם געפיהל, אז זי דארף שטימען, וועט שוין דער מאן ווערען א בירגער. דערווייל פאסירט נאך ליידער אפט, אז דער מאן איז ניט אימשטאנד אויסצופיהרען ביי דער פרוי, אז זי זאל געהן צום שטים־קאסטען. די אגיטאציע וועגען דער דאזיגער פראגע איז פון גרויס וויכטיגקייט. עס איז אויך וויכטיג צו וויסען פאר דער פרוי, וואס די פרויען טוען אויף אויף דעם פא־ליטישען געביט דא, אין לאנד, און אין איראפא.

געוויס ווערען פיל פון די אנגעוויזענע פראגען באהאנדעלט אין „פריינד“. אין א יובילעאום־נומער דארף מען זיך אפ־שטעלען אויך אויף די צילען, וואס מיר קענען האבען אין דער אדער יענער פראגע.

הושע פינקעל:

## זיין בילד...

[...]ר איז פון איהר אין שלאכט אוועק,
[...]ר וועט זיך לאנג ניט זוימען.
[...]אס בילד פון איהם צום הארץ זי דריקט
[...]יט מיידלערישע טרוימען.

געפאלען איז פון שונא'ס האנד
[...]ר פאטערלאנד'ס באפרייער.
זיין בילד אין קרעפע איז פארהילט,
איהר פנים אין א שלייער.

און באלד א יאהר פון יענער נאכט,
פון ווינטען זיך און שיידען —
א בילד פון איהם צו ברוסט זי דריקט
מיט מוטערליכע ליידען.

# בריף אין רעדאַקציע

געשעצטער פריינד רעדאַקטאָר!

דערוויסענדיג זיך פון סעפּט.־אָקט. נומער „פריינד“ וועגען דער נידערשטימונג פון דעם צופאַרגרעסערנדען טעקס אויף 5 סענט אַ קוואַרטעל פאַר'ן „פריינד“ — בין איך פשוט פאַרבליפט געוואָרען. אַבער איך טייל מיט אייך אייער השערה, אַז דאָס ניט רעגעלמעסיגער ערהאַלטען דעם „פריינד“ איז, טיילוויז, די אורזאַכע פונ'ם דורכגעפאַלענעם רעקאָמענדירטען טעקס. איך זאָג „טיילוויז“, ווייל די הויפּט שולד פאַלט נאָך מעהר אויף דער עקספּעדיציע דאָמיט, וואָס פאַר די לעצטע כמעט גאַנצע צוויי יאָר, וועהרענד די מעמבערשיפּ פון אַרבייטער רינג האָט כמעט זיך פערדאָפּעלט, האָבען די נייע מעמבערס זעלטען געהאַט די געלעגענהייט זיך צו באַקענען מיט אַ נומער „פריינד“, — ווי אַזוי זשע, אַלזאָ קענט „איהר“ פאַרלאַנגען אַ רייז? — עפּיס פאַר גאָר ניט?! — איך שרייב מיך אָבער אונטער מיט ב י י ד ע הענט אונטער דער וואַנזיניגער רעזאָלוציע, נידערצושטימען דעם טעקס אוים „פּראָטעסט צו דער עקספּעדיציע פון „פריינד““ — דער פּראָטעסט איז אַ גערעכטער, ווען אויך וויניג איבערלייגטער. דאָס איז אַן איבעראיילטער אַקט פון אַ שטאַרק פאַרליבטען. אין דיזען פאַל, די אמת'ע ליבע צום „פריינד“ אונטער אייער רעדאַקציאָן, געעהרטער פריינד ביילין!

די הינדערניס, וועלכע האָבען גורם געוועזען איבערצוהיפּען 3 נומערן „אין פאַרלויף פון אַ האַלבען יאָהר“, זיינען מיר מוחל במחילה גמורה; אָבער דער פאַרדרוס, דער פאַרדרוס אויף דער עקספּעדיציע פאַר איהר זאָנסטיגע אונרעגעלמעסיגקייט!... מיינע מאַרטערליכע אָנשטרענגונגען פאַר די לעצטע צוויי יאָהר, ביז מיט עטליכע מאָנאַטען צוריק אין אַמט, אַלס סעקרעטער פון ברענטש 139, אין דער אומפּענקטליכקייט פון די אַדרעסען, זיינען געוועזען אַן דעם מינדעסטען דידאַטען), ווען נייע ברענטשעס ווערען אָרגאַניזירט.

איך באַדויער אָבער זעהר, ניין, איך פּראָטעסטיר מיט מיין גאַנצער נשמה ג ע ג ע ן „פאַרקלענערן דעם אינהאַלט, ווי אויך די זייטען פון „פריינד“, ווייל „...מיר קענען ניט פאַרגרעסערען דעם שוין אַזוי אויך היבשען דעפיציט פון „פריינד“־פאָנד! איך וואָלט זעהר געוואונשען, אַז דער „פריינד“, מיט זיינע אמת'ע פּערעל פון „מאָנאַט צו מאָנאַט“ זאָל אַרויסגעגעבען ווערען, אין קוואַליטעט און קוואָנטיטעט, אַזוי שיין און גוט ווי מעגליך. אַי, דער דעפיציט? איך בין זיכער אַז די נעקסטע קאָנווענשאָן וועט שוין „געפינען וועגען און מיטלען“, און די מעמבערשיפּ, נאָכדעם ווי אונזער „נעס“ וועט האָבען פאַרדאַמפּט, וועט שוין דעם חשבון אויסגלייכען... און מיט הרחבה אויך. אָבער די טראַנספּאָרט־קאָמוניקאַציאָן מוז גוט־געשטעלט ווערען, און דאָס — שוין.

און דער האָפנונג, מיין עהרליכער וואונש וועט גענומען ווערען אין אָנבעטראַכט, פאַרבלייב איך, מיט גרוים אַכטונג,

ו. אייזנער, בר. 139 ברוקלין.

---

ווערטהער פריינד רעדאַקטאָר, י. ב. ביילין:

לעזענדיג אין לעצטען נומער „פריינד“, אַז דער נעקסטער נומער וועט זיין אַ יובילעאום נומער, האָב איך זיך אַ טרייסעל געטאָן: איך האָב זיך דערמאָנט, אַז איך בין אויך עלטער געוואָרען מיט צעהן יאָר, און אַ היבש ביסעל קיהלער געוואָרען. איך געדענק ווי איך האָב טאַקע אין מיין ברענטש, מיט צעהן יאָהר צוריק געהיצט זיך וועגען „פריינד“. אויב איך האָב קיין טעות ניט איז דאַן דר. ב. האָפמאַן געוועזען דער ערשטער רעדאַקטאָר. איך און נאָך איינער פון מיינע פריינד (ער איז שוין יעצט נימאָ צווישען די לעבעדיגע) האָבען איהם געוואָלט ערמוטיגען, אַז ער זאָל מאַכען דעם אָרגאַן פאַר אַ פּאָליטיש־ליטעראַרישען זשורנאַל ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ גרויסער אַרבייטער־אָרגאַניזאַציאָן. האָבען מיר פאָרגעשלאָגען ביי דעם ברענטש מיטינג „אָנצונעמען“ אַ רעזאָלוציע אין דעם זין. מילא, וואָס עס האָט זיך עס דאַן אָפּגעטהאָן! עס איז געוואָרען אַ טומעל און אַ גערודער און אַזוי ווי מיר זיינען געוועזען אין אַ הילפלאָזער מינאָריטעט איז טאַקע די רעזאָלוציע דורכגעפאַלען מיט אַ קנאַק. און, עס זיינען שוין אַריבער צעהן יאָהר און מיין פאַרלאַנג איז נאָך ניט אין גאַנצען ערפילט געוואָרען. איך לעז דעם „פריינד“ די גאַנצע צייט. פאַר די לעצטע עטליכע יאָהר האָב איך באַמערקט ווי איהר האָט פאַרזוכט אַריינצופיהרען אַ ביסעל ליטעראַטור און פּאָליטישע פראַגען אין „פריינד“, אָבער אַלץ אין אַ „קאָפּי־ספּון“, אין אַ קליינעם פאָרמאַט. פרעגט זיך די פראַגע: ווי לאַנג, פריינד ביילין, רעכענט איהר, וועלען מיר עס אַליין קענען שטילען אונזער דורשט מיט אַ „קאָפּי־ספּון“? גזלן, גיט אונז כאָטש אַן עס־לעפעל! מיר זיינען דאָך שוין עפּעס אויסגעוואַקסען, מיר פייערען דאָך שוין עפּעס אַזעלכע היבשע יובילעאומס!

און אפשר וואָלט איהר טאַקע, פריינד רעדאַקטאָר, אונז געמאַכט אַ פּרעזענט, נו, לאָמיר זאָגען פון 4 פּיידזשעס ליטעראַטור, איך מיין שעהנע ליטעראַטור, אין י עד ע ן נומער. כ'לעבען, צום יובילעאום פון צעהן יאָר „פריינד“ האָט איהר עס געמעגט טאָן. אַי, אייער טענה אין לעצטען נומער וואָס דער פאַרגרעסערטער טעקס איז דורכ־געפאַלען, זאָל עס זיין אייער באָבעס דאגה, וועט עס צום נעקסטען מאָהל דורכגעהן. אַי, פריינד רעדאַקטאָר, ווי עס ווייזט אוים זייט איהר נאָך גרין אין די טעקס־ביזנעס. וועלכער נאַר וועט עס שטימען פאַר אַ העכערען טעקס, אויב ער מיינט, אַז אָן דעם העכערען וועט עס אויך גוט זיין. זעהט איהר, ווען איהר וואָלט באַצייטענס אַ סטראַשע געטאָן, ווי יאַנאָווסקי פלעגט עס אַמאָל טאָן מיט זיין „פ. א. ש.“ אַז דער „פריינד“ וועט אונטערגעהן, אויב דער טעקס וועט ניט געהעכערט ווערען, וואָלט איהר שוין דאַן געזעהן ווי מ'וואָלט שוין געשטימט פאַר און פאַר.

און יעצט צו דעם צעהן־יאָריגען יובילעאום פון „פריינד“ ערלויבט מיר צו ווינשען אייך אַלס דעם יעצטיגען פיהרער פון אונזער אָרגאַן, אַז איהר זאָלט פאָרטזעצען אייער גוטע אַרבייט צו ברענגען אונזער אָרגאַן, אונזער שפּיגעל, צו אַזאַ געשליפענער פאָלקאָמענהייט, וואָס זאָל צופרידענשטעלען אפילו אַזאַ „משוגענעם“ קאַפּריזנעם קיקער ווי איך בין.

מ. פאַלק, בראָנקס.

---

ווערטהער פריינד רעדאַקטאָר:

באַקאַנט איז מיר די ברייט־פאַרשפּרייטע טעטיגקייט פון אַרב. רינג, און ווען איך הער אייך, אַרב. רינג טוער, רעדען, ניט מיט פוסטען שטאָלץ, וועגען די אינסטיטוציעס, וואָס איהר האָט אַזוי מיהזאַם אויסגעבויט איבערן גאַנצען לאַנד; קולטור צענטערן, קינדער שולען, און סאַניטאַריום, וואו אינוואַלידען געפינען אַ מילדערונג צו זייערע יסורים, רוה און שוץ, אונטער אַ זיכערער ברודער האַנד — קלאַפּט מיין האַרץ פאַר פרייד.

און איך זאָג אייך — עס וועלען די קומענדע דורות, בראַוווּ, עמאַנציפּירטע קינדער פון אונזער פאָלק אין די שורות פונ'ם „פריינד“ אַריינקוקען. וואָס פאַר אַ גראַנדיעזע פּאַנאָראַמע עס וועט פאַר זיי אַנטפּלעקט ווערען! דעם לאַסט וואָס איהר האָט געטראָגען, ווען איהר זייט געוועזען אַליין... די קרבנות, וואָס איהר האָט געלייגט. די מאָס־פערקייט אין אייער ראַנגעל. אַלעס, אַלעם וועלען זיי פאַרשטיין, און אָפּשעצען. זאָל דאָס, מיינע פריינד יובילאַרען, א. ר. טוער, אייער דענקמאָל זיין. און איצט צום צעהן־יאָריגען יובילעאום פון „פריינד“ — נעהמט צו מיין אָנערקענונג, פריינד ביילין, רעדאַקטאָר פון „פריינד“, וואָס איהר האָט פון אַ טרוקענעם בולעטין געמאַכט אַ זשורנאַל, וואָס קען ניט פאַרשעהמען דעם ביכער־שראַנק אין אונזער לייבּרערי... פאַר פאָרטשריט און גערעכטיגקייט בין איך אייערער מיט גאָר מיין האַרץ.

אַרטור עסעלין, שיקאַגאָ.

---

פריינד רעדאַקטאָר:

אין אָקטאָבער „פריינד“, זייט 31, איז דערמאָנט, ווי וויכטיג דאָס איז צו האָבען איבערגעבענע סעקרעטערע אין די ברענטשעס.

ברענטש 3 האָט אין דזשולייי באַשלאָסען צו באַדאַנקען איהרען אַ פּראָטאָקאָל סעקרעטער, און דער פינאַנס סעקרעטער זאָגט מיר, אַז ער האָט עס צוגעשיקט אין „פאָרווערטס“ און אויך אין „פריינד“. מילא, אַז דער „פאָרווערטס“ האָט ניט געדרוקט איז — מוחל, אָבער אין „פריינד“ אונזער אָרגאַן — וואָס האָט פּלאַץ פאַר אַלעם אין דער וועלט און די מאַיאָריטעט לעזט דאָס ניט, (פיליינט דאָס קעפּעל פון אַרטיקעל לעזען זיי יאָ) איז אויך ניט געדרוקט געוואָרען! ווי קומט דאָס?

איהר באַקלאָגט זיך פאַר וואָס דער רעפערענדום האָט ניט באַוויליגט דעם „פריינד“ אַ פּאָר סענט מעהר. פרעג איך: נאָך וואָס? וואָס האָט עפּעס דער אַקטיווער טהוער פאַר זיין שווערער אַרבייט, אויב פאַר זיין מיה קריגט ער ווייטער אַן אַרטיקעל אָדער אַ נייעם שרייבער איבער אַ נעכטיגען טאָג, ווי (קינדער ליטעראַטור) למשל, קאָאָפּעראַטיווען.

דער פריינד“ איז דאָך אַ זשורנאַל פאַר די מעמבערס, דאַרפען איהם אינטערעסירען דירעקטע אַרבייטער רינג פראַגען, וואָס די ברענטשעס טוען פאַר'ן אָרדען.

מאָראַלישע באַלוינונג צו אַקטיווע מעמבערס; ווייס ווער, למשל, אַז איך האָב באַקומען אַ סעט ביכער פון אָרדען פאַר זיין טעטיג אין מעמבערשיפּ קאַמפּיין? אין מיין ברענטש, וואָס ציילט 405 מיטגלידער, האָבען צוויי באַקומען פּרעמיומס — גאָטליעב און ליווי. ווייס ווער דערפון?

וואָס האָב איך און טויזענדער אַנדערע פון פאַרשידענע ברענטשעס ביי זייער אַקטיוויטעט? קיין באַצאָהלט ניט, קיין דאַנק ניט, פאַר וועמען זאָלען מיר אַרבייטען? יעדער מענש וויל אַמאָל אין אַ געוויסע צייט אָנערקענונג. נאָך וואָס זאָל מען דאַרפען וואַרטען ביז מען ליגט שוין אויף דער סעמעטערי, פאַר אַנערקענונג?

איך בין זיכער אַז איהר וועט נעהמען דאָס אין אַכט און אויפהויבען דעם אַקטיווען טוער אין ברענטש, וועלען די פּאָר סענט פאַר דעם „פריינד“ אין דער צוקונפט געריוזט ווערען.

אייער פריינד, סעם ליוויי,

געוועזענער בעאַמטער 9 יאָהר אין בר. 3 א. ר.

# טרויער רעזאָלוציעס

מיר וואַרפען אַהער
אַ זודיגע טרער
און לייגען אַ קראַנץ אייך פון בלומען...

און בויגען דעם קאָפּ
אין טרויער אַראָפּ
אין צער, אין טיפען, אין שטומען...

מיר, די מעמבערס פון בר. 171, לואיסטאָן, מעין, באַדויערען פון טיפסטען הארצען און דריקען אויס אונזער סימפּאַטי צו אונזערע פריינד מר. און מרס. ה. דיי אויף דעם פריהצייטיגען טויט פון זייער זוהן מאיר דורך אַן אויטאָמאָביל עקסידענט.
מיר האָפען אַז זיי וועלען מעהר קיין צער ניט האָבען.
ס. שאַץ, רעז. קאָמ.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיפסטען צער און מיטגעפיהל צו אונזער פר. א. דייווויס אויף דעם פאַרלוסט פון זיין באַליבטער יונגער פרוי דאָרע איבערלאָזענדיג 3 קליינע קינדער. מיר האָבען ניט קיין טרייסטווערטער צו אַזאַ גרויסען אומגליק.
לאָקאַל קלוב בר. 251. ל. פּאָלאַק, סעק.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיפען באַדויערען אויף דעם פריהצייטיגען טויט פון זאָיאונזער מעמבער פר. דזש. לעבער. אונזער מיטגעפיהל צו זיין פאַמיליע.
לאָדזער בר. 135. ס. ליעבער, סעק.

---

מיט טיפען שמערץ דריקען מיר אויס אונזער מיטגעפיהל צו אונזער פר. א. קאָרנפעלד איבער דעם פריהצייטיגען טויט פון זיין געליבטער פרוי.
בר. 615. ה. סעלדין, סעק.

---

מיר דריקען אויס דעם גרעסטען און ביטערסטען טרויער צו אונזערען אַ מעמבער און פריינד סעם ראַבינאָק פאַר דעם פריהצייטיגען טויט פון זיין ברודער, וואָס האָט דערגרייכט 23 יאָהר.
ער איז געהרג'עט געוואָרען פון צוויי באַנדיטען אויף אַ שוידערליכען אופן. נאָך דעם ווי זיי האָבען איהם דערהרג'עט, איז ער אַריינגעוואָרפען געוואָרען אין אַ ריווער, וואו ער איז געפונען געוואָרען שפּעטער מיט 8 טעג.
מיר ווינשען אַז די צייט זאָל היילען זיינע שמערצען.
דזש. שטערן, סעק. פּאָרטלאַנדער בר. 263.

---

מיר באַדויערען דעם פאַרלוסט פון אונזער פאַרשטאָרבענעם פריינד ס. שיפּמאַן און מיר דריקען אויס אונזער סימפּאַטי צו דער פאַמיליע שיפּמאַן.
בר. 29, באַפאַלאָ, ל. וויינטרויב, סעק.
מיר דריקען אויס אונזער טיפסטען צער און מיטגעפיהל צו אונזער באַליבטען פריינד סעם האַמבורגער און מרס. האַמבורגער פאַר זייער גרויסען פאַרלוסט פון זייער שעהנער יונגער טאָכטער איווא, וואָס זי איז פון זיי פאַר דער צייט אַבגעריסען געוואָרען.
אויך דריקען מיר אויס אונזער טיפסטען מיטגעפיהל צו דער מוטער, פריינדין האַמבורגער, אויף איהר גרויסען פאַרלוסט פון איהר שעהנער און יונגער טאָכטער. מיר עהרען איהר אַנדענקען. זאָל די צייט היילען איהר שמערץ, טייערע פריינד!
ב. בעקער. רעז. קאָמ. בר. 36 אַ. ר.

---

מיר באַדויערען זעהר שטאַרק דעם פריהצייטיגען טויט פון פר. העררי ביבערס פרוי, וועלכע איז אַזוי יונג, אין עלטער פון 27 יאָהר, אַוועקגעריסען געוואָרען פו זאיהר ליבען מאַן און דריי קליינע קינדערלעך. נאָר מוטה, ליבער פר. ביבער!
מיר עהרען איהר אַנדענקען!
לואיס וועקסלער, סעק. בר. 254.

---

מיר, די מעמבערס פון מינסקער בר. 305 באַדויערען שטאַרק דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פיל־באַליבטען, געשעצטען, גוטהערציגען און אַקטיווען קאַמעראַד און פריינד נייטען באַניז.
מיר דריקען אויך אויס אונזער מיטגעפיהל און טרייסט צו פריינדין ס. נ. באַניז נאָך דעם פאַרלוסט פון איהר נאָהענטסטען פריינד. מיר האָבען צוזאַמען פאַרלאָרען אַ מאַן, וועלכער איז געשטאַנען אויף דער שפּיץ פון אַלע צווייגען פון דער ראַדיקאַלער באַוועגונג אויף דער אידישער גאַס און אַלס טרייער און ענערגישער טשערמאַן פון בר. 305.
אברהם עטינגער, סעק.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיפסטען טרויער אויף דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פריינד מאָריס שוואַרץ, געשטאָרבען אין עלטער פון 28 יאָהר.
צו דער זעלבער צייט דריקען מיר אויס אונזער גרעסטע סימפּאַטי צו דער פאַמיליע און פריינד פון דעם פאַרשטאָרבענעם. עהרע זיין אַנדענקען!
סעם פינקעלשטיין, סעק. בר. 386 וואַרש.־פּראַגער.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 348, לינקאָלן, נעב.. דריקען אויס אונזער טיפסטען שמערץ און טרויער אויף דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פריינד און פין. סעק. מ. פאָקס. אויך דריקען מיר אויס אונזער טיפסטען און האַרציגען מיטגעפיהל צו זיין עלענדער פרוי און קינדער.
בר. 348 אַ. ר., לינקאָלן, נעב. מ. עפּשטיין, סעק.

---

מיר דריקען אויס אונזער באַדויערען אויף דעם פריהצייטיגען טויט דורך דער פּראָלעטאַרישער קראַנקהייט פון אונזער פריינד און מעמבער העררי י. אַדלער, און מיר דריקען אויס אונזער טיפסטע סימפּאַטי־געפיהל צו זיין פרוי און טאָכטער.
א. וויינער, סעק. בר. 530, יוסטאָן, טעקסאַס.

---

די נאָוואַרידאָקער פּראָג. אָסס'ן בר. 146 אַ. ר. באַדויערט דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פר. פיליפּ סילווערמאַן, וועלכער איז געשטאָרבען נאָך אַ קורצער קראַנקהייט דעם 17טען. סעפּט. 1920.
בר. 146. הייםאַן סוטין, סעקר.

---

פון טיפסטען האַרצען דריקען מיר אויס אונזער סימפּאַטי צו אונזער פר. דזשאָרדזש זעגליך אויף דעם פאַרלוסט פון זיין פרוי לינאַ זעגליך, וועלכע איז געשטאָרבען אין עלטער פון 34 יאָהר.
א. דזשייקאָף, ס. פיין, ד. שמוקלער,
רעז. קאָמ. בר. 216.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 558 א. ר. דריקען אויס אונזער טיפען טרויער אויף דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פר. מאַקס אַלפּערט, אין עלטער פון 44 יאָהר. ער איז געוועזען איינער פון די גרינדער פון אונזער בר. און איינער פון אונזערע טיכטיגסטע מעמבערס.
מיר דריקען אויס אונזער סימפּאַטי צו זיין פרוי און פאַמיליע. עהרע זיין אַנדענקען!
א. ר. ראָדזיק, ב. גראָדזינסקאַיאַ, רעז. קאָמ.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיפסטען טרויער איבער דעם פריהצייטיגען טויט פון דער פרוי פון אונזער פר. הייםאַן אַבראַמאָוויטש, וועלכע איז געשטאָרבען מיט אַן אונגאַטירליכען טויט, אַראָפּפאַלענדיג פון צווייטען פלאָר צוזאַמען מיט'ן פאַרטש און צושפּאַלטענדיג דעם קאָפּ.
אונזער טיפסטע סימפּאַטי צו איהר מאַן!
בר. 18 אַ. ר., יוטיקאַ. פּ. פּערלאָף, סעק.

---

מיר דריקען אויס אונזער טרויער אויף דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזערע צוויי איבערגעגעבענע פריינד, ב. רייבער און מ. טענענבוים. צייגען מיטגעפיהל צו זייערע פאַרוואַנדטע.
א. שאַפּיראָ, סעק. בר. 18 אַ. ר.

---

מיר, די פריינד פון בר. 262 אַרב. רינג, דריקען אויס אונזער טיפסטען טרויער און גרויסען וועהטאָג אויף דעם פאַרלוסט פון אונזערע צוויי אַזוי יונג פאַרשטאָרבענע פריינדע היימי צירולניק און אייבראַהאַם נאַסקין.
מיר דריקען אויס אונזער טיפסטע סימפּאַטיע צו זייערע פאַמיליעס און מיר ווינשען זיי פון טיפען האַרצען, אַז די צייט זאָל היילען זייערע שרעקליכע וואונדען, פאַראורזאַכט פון דעם גרויסען אומגליק וואָס האָט זיי געטראָפען.
מ. סילקין,
רעק. סעק. בר. 262 אַ. ר.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 118 אַ. ר. דריקען אויס אונזער טיפסטען טרויער און באַדויערען אויף דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פריינד און מעמבער לואיס לעווין. עהרע זיין אַנדענקען!
אויך אונזער פולע סימפּאַטיע צו זיין יונגער אַלמנה און קינדער און אויך צו זיין אַלטער מוטער.
פריינק פּערלאָף,
סעק, בר. 18 אַ. ר.

---

## הויזליכע היגיענע

אין יעדען הויז זיינען וואַשיגסטענס פאַראַן צוויי צימערען, וועגען וועלכע מען דאַרף באַזונדערס זיין אָפּגעהיט בנוגע צו ריינליכקייט. דאָס איז די קיך און דאָרט וואו שפּייז ווערט געהאַלטען.

אַ סך באַליעבאָסטעס גלויבען, אַז זייף און וואַסער איז ניט גענוג צו האַלטען די צימערען אין אַ גוטען, סאַניטאַרען צושטאַנד, און זיי זענען גענוגט זיך צו באַנוצען מיט אַלערליי דיזאינפעקציע־מיטלען און אַזוי ווייטער. בלויז פאַר דעם האַלטען ריין אַ צימער און באַזייטיגען דאָס שמוץ זענען אַזוינע זאַכען ניט נויטיג. זייף־און־וואַסער, ווען מען ווייסט און מען געברויכט עס ווי געהעריג, איז אַלץ וואָס מען דאַרף. אַ פונט וואַש־סאָדאַ, צולאָזט אין דריי גאַלאָנס הייסע וואַסער, איז אויך אַ גוטע זאַך פאַר דעם דערמאָנטען צוועק.

סיי די וואודוואָירק אין קיך און אין צימער וואו איהר האַלט אייערע פאַרשידענע שפּייזען, אויך די כלים, דאַרף מען אָפט סקראָבען און רייניגען, כדי צו פאַרמיידען דאָס אָנקלייבען זיך פון פאַרפוילטע זאַכען, וועלכע זענען פאַראַנטוואָרטליך פאַר דעם שלעכטען גערוך, וועלכען מען פיהלט אָפט אין אַזוינע פּלעצער.

מעהר פון אַלץ דאַרף מען זיך אָפּגעבען מיט דער אייז־באַקס. צווישען די שפּייז־אַרטיקלען זיינען פאַראַן באַזונדערס אַזוינע וועלכע הויבען אָן זעהר לייכט צו פוילען און מיט וועלכע מען דאַרף זיין באָזונדערס פאָרזיכטיג.

מיט הייסע וואַסער קען מען אויסראַטען אַלערליי באַצילען. אַלערליי געשיר קען מען רייניגען אויף אַזאַ אופן, ווען מען האַלט זיי אין הייס קאָכעדיג וואַסער וויניגסטענס פינף מינוטען. עס איז אויך וויכטיג, אַז דער קעלער זאָל געהאַלטען ווערען ריין און די ווענט מיט דער פּאָדלאָגע אין אַ גוטען צושטאַנד.

# צווייטער האלב־יעהרליכער צוזאמענפאהר פון די נאציאנאלע באארד און דירעקטארען

(פארטזעצונג פון לעצטען נומער „פריינד")

## פערטע זיצונג

פרייטאג, דעם 9טען יולי, 2 אוהר נאכמיטאג. ב. דאקסער, פארזיצענדער.

## עדיוקיישאנאל קאמיטע באריכט

פר. פיינערמאן, טשערמאן פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע, גיט אפ זיין באריכט:

אין גאנצען איז די עדיוקיישאנאל קאמ. טעטיג בלויז איין מאנאט, זינט נאך דער אינסטאליישאן, דאך האבען זיי שוין אנגעפאנגען פארשפרייטען פיעל צווייגען פון טעטיגקייט.

די עדיוקיישאנאל קאמ. האט דעם יאהר צוגעגרייט 7 ביכער, וואס וועלען אין קורצען ערשיינען. באטש עס איז א מאנגעל אויף פאפיר, דאך וועלען די ביכער פארנעמען איבער 1800 דרוק־זייטען. דער פרייז פאר מיטגלידער וועט נאר זיין 7 דאל., פאר פרעמדע 15 דאל.

די ביכער זענען איבער קאאפעראציע, ערציהונג, זאאלאגיע, אריפמעטיק, פאליטישע עקאנאמיע, פיזאלאגיע און כעמיע.

די פריהערדיגע אויסגאבען זענען שוין כמעט אלע אויספארקויפט געווארען.

אין דער צייט, וואס דער רעפארט ווערט אפגעגעבען, זענען שוין אפען 33 א. ר. שולען. עס האלטען זיך יעצט אין גרינדען 11 נייע שולען און אין 30 שטעט געהט אן פאר דעם א באוועגונג און מיר גיבען זיי אויסקינפטע.

די לעצטע קאנווענשאן האט אינסטרואירט דער עדיוקיישאנאל קאמ. ארויסצוגעבען א קינדער־זשורנאל, און מען האלט אין אויסארבייטען פלענער וועגען ארויסגעבען אזא זשורנאל. עס איז שוין ערשינען דאס אינפארמאציאנס־ביכעל „דער פראגראם פון א. ר. שולען".

די שולען האבען ביז יעצט געהאט גרויסע שוועריגקייטען צו קריגען געוויסע „סופליים". די עדיוקיישאנאל קאמ. געהט יעצט באזארגען די שולען מיט די נויטיגע מאטעריאלען. מ'גרייט צו שרייב־העפטען מיט פאטאגראפיעס פון גרויסע מענשען, אויך פענסילס מיט דעם א. ר. עמבלעם. יעדע שולע וועט אבער דארפען באצאהלען פאר דעם, נאטירליך א ביליגערען פרייז ווי אזוי.

מ'פלאנעוועט אויך ארויסצוגעבען א בוך פון שפילען פאר קינדער, אויך א בוך פאבלען פאר קינדער.

עס איז זעהר שווער צו קריגען לערער, ווייל כדי צו זיין א לערער אין אן א. ר. שול פאדערט זיך, אז דער לערער זאל זיין 1) א פעדאגאג, 2) מיט אלגעמיינע בילדונג, 3) מוז קענען אידיש און 4) דארף זיין א סאציאליסט.

פון אנפאנג האט מען געדענקט קריגען געבילדעטע יונגע לייט, שיקען זיי פאר א דריי מאנאטיגען קורס אין סעמינארי. די צאהל פון יונגע לייט, וואס חאבען זיך געמאלדען פאר דעם קורס, איז געווען זעהר א קליינע, און דאס האט די לערער־פראגע נים געלייזט.

לעצטענס איז באשלאסען געווארען צו עפענען קורסען פאר לערער: איין קורס פאר 8 מאנאטען און א צווייטער קורס פאר 2 יאהר. 3000 דאלאר איז אסיגנירט געווארען פאר דעם צוועק. די, וועלכע וועלען באזוכען די קורסען, וועלען דארפען צאהלען א געוויסען מינימום.

עס ווערען אויסגעארבייט פארשידענע בלאנק־פארמען פאר די שולען: אפליקיישאנס פאר לערער, א פארם פון א רעפארט, וואס יעדע שולע דארף ארייגשיקען מאנאטליך אין אפיס, און נאך אנדערע נויטיגע בלאנקען. די לערער, וואס מיר האבען יעצט, זענען צופרידענשטעלענד.

אייניגע זענען מיט דער מיינונג, אז דער נאמען פון די שולען זאל זיין די סאצ. א. ר. שולען. די קאמיטע דענקט אבער, אז דער נאמען א. ר. איז א גוטע גאראנטיע, אז דאס וועט זיין סאצ. שולען. צוויי שולען, וועלכע האבען דורכאויס געפאדערט דעם נאמען, איז זייער פארלאנג באוויליגט געווארען.

מיר פארהאנדלען מיט דער רענד סקול, אז מיטגלידער פון א. ר. זאלען קענען דארט לערנען אויף א פיל ביליגערען פרייז. אין די ערשטע זעקס מאנאטען זאל די עדיוקיישאנאל קאמ. צאהלען.

עס ווערען יעצט געפלאנט צוצוגרייטען נייע וויסענשאפטליכע ביכער, צווישען וועלכע עס וועלען אויך זיין די ביאגראפיעס פון פארשידענע גרויסע מענשען אין וויכטיגע עפאכען, צ. ב. ש. די העלדען פון דער פראנצויזישער רעוואלוציע, אידישע העלדען א. ד. ג.

מען פאנגט שוין אן צו טראכטען וועגען קלייבען מאטעריאל פאר א היסטאריע פון א. ר. צו דעם 25־יעהריגען יובילעאום. ער ענדיגט דערמיט, וואס ער פארזיכערט די דירעקטארען, אז מ'שטרענגט זיך אן צו קריגען א לעקטשורער, וואס זאל קענען מאכען א טור אין אלע שטעט, וואו עס איז נאר מעגליך.

עס ווערען געשטעלט פראגען:

בענענסאן, אילינאאיז: דעם נעקסטען טור, וואס א לעקטשורער וועט מאכען, זאל מען אנפאנגען גלייך אין דער וועסט, ווייל ביז דער לעקטשורער קומט צו דער וועסט, ווערט ער מיד ארומפאהרענדיג און מוז שוין פאהרען צוריק. ער פרעגט אויך צי דער פלאן פון קורסען אין רענד סקול קען אויך ארגאנזשירט ווערען מיט אנדערע סקולס אין אנדערע שטעט.

שייער, מינעסאטא: ווען וועלען די שול־מאטעריאלען זיין פארטיג?

לין, קוויבעק: צי איז די סומע, וואס די פראווינציעלע שטעט קריגען פאר זייערע שולען, לויט די צאחל מעמבערס, אדער לויט די צאהל קינדער וואס באזוכען די שולען?

לין, ניו־דזשורזי: גלויבט, אז די עדיוק. קאמ. גיט זיך אפ צופיל מיט קינדער־שולען; וועלן אויך אנדערע שטעט אויסער ניו־יארק קענען שיקען מעמבערס אין רענד סקול?

שערמאן, ראוד איילאנד: וויפיל וועט קאסטען דער רענד־סקול קורס?

רובין, וויסקאנסין: געהט מען אויך האבען אווענט־שולען? ווער האט באשלאסען די יום־טובים פאר די שולען?

דייוויס, ווירדזשיניא: צי אינסטרואירט מען די לעקטשורערס, וואס פאהרען אויף דער פראווינץ, צו רעדען ביי די פארזאמלונגען וועגען ארבייטער רינג?

ריבא, אנטאריא: קען מען אין טאראנטא ערווארטען שטיצע אויף צו גרינדען אן ארקעסטער?

דאקסער, מישיגען: ווי גרויס איז די שטיצע וואס מ'גיט צו אן א. ר. שולע?

פר. פיינערמאן ענטפערט אויף די פראגען:

קיינע אנפראגען זענען דערווייל נאך נים אנגעקומען פון אנדערע שטעט פאר די רענד סקול קורסען און די קאמיטע האט דעריבער וועגען דעם נים געהאנדעלט. די שול־מאטעריאלען וועלען זיין פארטיג אין גיכען. די שולען שטיצט מען לויט די פינאנציעלע אומשטענדען פון דעם שול־פאנד. אום אנצוהאלטען די שולען מוזען די קינדער צאהלען שכר למוד. יעדע שול באשטימט אליין וויפיל דער שכר למוד זאל זיין.

ארקעסטראס וועלען קריגען שטיצע אומעטום. יעדע שולע דארף (אויב מעגליך) אויך האבען אווענט־שולען. די יום־טובים פון די שולען זענען געמאכט געווארען לויט דעם גייסט פון א. ר. און אנגענומען געווארען פון שול־צוזאמענפאהר און פון דער לעצטער קאנווענשאן.

דער רעפארט ווערט אנגענומען און פר. פיינערמאן ווערט באדאנקט.

---

עס ערשיינט פר. הערמאן אנשעל, מעמבער פון בר. 369, וועלכער אפעלירט געגען דער סאניטאריום קאמ. פאר ענטזאגען איהם ארייננעמען אין סאניטאריום.

די סאניטאריום קאמ. ערקלערט, אז לויט די רולס קען מען איהם נים ארייננעמען. עס ווערט באשלאסע ארויסצוגעבען די ענטשיידונג ווען די איבעריגע אפילס וועלען אויפגענומען ווערען.

## ארגאניזאציאנס קאמיטע באריכט

פר. יודיטש, טשערמאן פון דער ארגאניזאציאנס קאמ. גיט אפ זיין באריכט:

די לעצטע קאנווענשאן האט אויסגעדריקט דעם פארלאנג, אז צו דער קומענדען קאנווענשאן זאל דער א. ר. קומען מיט 100 טויזענד מעמבערס. זיי מאכען א פארזוך דעם פארלאנג דורכצופיהרען אין לעבען.

דער מעמבערשיפ קאמפיין חאט זיך שוין אנגעפאנגען. אין אלע גרעסערע שטעט וועט דער קאמפיין זיך עפענען אין איין טאג. מען וועט זיך ווענדען צום „פארווערטס" צו געבען אין יענער צייט עטליכע ארטיקלען וועגען א. ר.. צוליעב דעם, וואס מען ריכט זיך אויף א גרויסער אימיגראציע פון איירא פא, וועט מען אויך האבען ארטיקלען איבער דעם א. ר. אין די אויסלענדישע אידישע צייטונגען. אין די „לעבענס־פראגען" פון ווארשא איז שוין געווען ארטיקלען וועגען א. ר. מען וועט אויך ארויסשיקען סיסטעמאטישע צירקולארען צו די ברענטשעס און צו די דיסטריקט קאמיטעס.

די פרעמיומס לעצטען יאהר האבען געקאסט 1200 דאל. די וואס האבען זיך געמאלדען ביז'ן לעצטען דזשולאי, האבען די פרעמיומס געקראגען. קיינע פלענער זענען נאך נים אנגענומען געווארען ווי צו אדווערטייזען דעם קאמפיין.

מען וועט זיך אנשטרענגען גרינדען ענגליש־שפרעכענדע ברענטשעס. אין ניו־יארק געפינען זיך אזעלכע 3 ברענטשעס. זיי האבען איבערגענומען אויף זיך די ארבייט צו ארגאניזירען די ענגליש־שפרעכענדע יוגענט אין א. ר.

לעצטען יאהר זענען ארגאניזירט געווארען דריי טורס מיט ארגאניזאטארען, און עס איז געווען אן ערפאלג. היינטיגס יאהר האט מען דאס נאך נישט פארהאנדעלט.

עס וועלען זיין ארום 35 דיסטריקט קאמיטעס איבער'ן לאנד. די אלע דיסטריקט קאמיטעס וועלען ארגאניזירט ווערען אין מאנאט אויגוסט. פר. יודיטש גיט אן עטליכע ביישפילען פון דער ארגאניזאציאנס־ארבייט: א קאמיטע פון שפאנישע אידען חאט זיך געווענדעט מיט א פארלאנג צו גרינדען א ברענטש פון א. ר. אין באפלא האט מען רעארגאניזירט די דריי ברענטשעס און מען חאט געמאכט פון זיי איין ברענטש. דענווער האט געפאדערט א צווייטען ברענטש. דעם פארלאנג חאט מען ענטזאגט.

אין איניגע פלעצער איז פאַראַן טראָבעל: אין דעטראָיט געהט מען שיקען אַ מענשען. אין איסטאָן, פּא., האָט דער בר. אַ צייט ניט געמיטעט. פר. יודיטש איז דאָרט געוועזן און האָט זיי אַביסעל אויפגעלעבט.

די דירעקטאָרען שטעלען איניגע פראַגען צו פר. יודיטש און ווערען געענטפערט צו דער צופרידענשטעלונג פון די דירעקטאָרען.

דער רעפּאָרט ווערט אָנגענומען און פר. יודיטש ווערט באַדאַנקט.

בר. אייבראמס, טשערמאַן פון דעד אָפיס קאָמ., גיט אָפּ זיין באַריכט:

די קלוירקס־יוניאָן פון אָפיס האָט לעצטענס געפאָדערט אַ העכערונג אין געהאַלט. זייער פאַרלאַנג האָט מען נאָכגעגעבען. מען האַלט אין אויסאַרבייטען פלענער ווי אַזוי צו פאַרגרעסערן דעם אָפיס.

דער אַדמיניסטריישאָן פאָנד האָט יעצט אַ דעפּיציט פון $10,213. מען האָט לעצטענס געקויפט פאַר 60 טויזענד דאָלאר שטאַטישע באָנדס. פאַר 40 טויזענד דאָל. האָט מען געצאָהלט $85.46 פאַר יעדען הונדערט דאלאר און פאַר 20 טויזענד דאלאר האָט מען געצאָהלט $86.06 פאַר יעדען הונדערט. די אַלע באָנדס, וואָס דער אַ. ר. פאַרמאָגט יעצט, זענען רעדזשיסטרירט.

איניגע האָבען זיך באַקלאָגט, אַז ארונטערנעמענדיג קרובים פון עלים איילאנד האָט מען זיי געפרעגט צי זיי באַלאַנגען צום א. ר. מען האָט וועגען דעם געמאַכט אַן אָנפראַגע צו די בעאַמטע.

דער ראק איילאנדער בר. האָט געבעטען מען זאָל זיי איבערוואַרטען די דיוס, ווייל זיי האָבען טראָבעל מיט אַ לייבאָר לייסעאום. זייער פאַרלאַנג האָט מען צוריקגעוויזען.

מען האָט געהעכערט די בר. סעקרעטערע באָנדס צו 500 דאלאר.

עס ווערען געשטעלט איניגע פראַגען צו פר. אייבראמס, וואָס ווערען פון איהם געענטפערט.

דער רעפּאָרט ווערט אָנגענומען, און פר. אייבראמס ווערט באַדאַנקט.

דערמיט שליסט זיך די פערטע זיצונג.

---

## פינפטע זיצונג

שבת, דעם 10טען יולי, 10 אוהר אין דער פריה. מ. רויס, קאָנעקטיקוט, אַלס פאָרזיצענדער.

עס ווערען פאָרגענומען באַריכטען פון סטייטס.

א. ריביי, אָנטאַריא: אין טאָראָנטא גרייטען זיך די ברענטשעס שוין צום מעמבערשיפּ קאמפּיין. מיט דעם וואָס קענעדא איז לעגאַליזירט געוואָרען וועט דאָס זעהר פיל העלפען. דער קאמפּיין וועט זיך אָנפאַנגען מיט אַ פייערונג לכבוד דעם טשאַרטער וואָס מען האָט געקראָגען.

די אַ. ר. קינדער־שולען זענען דאָרט זעהר אַ גרויסער ערפאָלג. זיי ערוואַרטען אָבער פינאַנציעלע שטיצע פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמ.

די צאָהלונגען אין דזש. אָפיס, מיט דעם וואָס דער קורס פון קענעדער דאלאר איז געפאַלען, זענען שווער פאַר די קענעדער ברענטשעס. זיי האָפען אָבער, אַז דאָס וועט געשליכטעט ווערען צו דער צופרידענשטעלונג פון אַלעמען. זיי האַלטען אין אָרגאַניזירען אַ „ברעס בענד“.

א. פעלאָוויטש, מערילאַנד: אין באַלטימאָר האָט מען געשאַפען אַ גרויסע סומע געלט פאַר די מלחמה קרבנות. נאָך די עלעקשאָנס פון דעלעגאַטען צו דער לעצטער קאָנווענשאָן האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ קריג צווישען די מעמבערס, וואָס איז נאָך ניט געשליכטעט געוואָרען. ער האָפט, אַז מען וועט איינפיהרען אַ בעסערען סיסטעם פון ערוועהלונג פון דעלעגאַטען

ב. דאָקסער, מישיגען: ביז יעצט פלעגט מען רעדען פון מישיגען עפּעס מיט אַ פאַרצווייפעלטען טאָן צוליב דעם קאַמף וואָס דאָרט איז פאָרגעקומען. לעצטענס האָט מען זיך גענומען מיט פאַראייניגטע קרעפטען צו אַ „דרייוו“ פאַר 8 טויזענד דאָלאר פאַר דעם לייבאָר לייסעאום, וואָס וועט זיכער געשאַפען ווערען.

מען האַלט יעצט אין גרינדען אַ ברענטש אין לענסינג, מיש. מען געהט אויך גרינדען ברענטשעס אין פיל שטעטלעך אַרום דעטראָיט.

ב. דייוויס, ווירדזשיניא: אין ווירדזשיניא סטייט געפינען זיך 6 ברענטשעס פון, אַ. ר. ער האָט כמעט באַזוכט אַלע ברענטשעס, אין זיי באַריכטעט וואָס די דירעקטאָרען האָבען געטאָן, און וואָס מען ערוואַרט פון די ברענטשעס צו טאָן.

מען וועט אין גיכען פאָהרען אין לינטשבורג, ווירדזשיניאַ, צו גרינדען אַ ברענטש פון אַ. ר.

די ברענטשעס אין ווירלזשיניא סטייט זענען לעצטען יאָהר זעהר טעטיג געוועזן אויף דעם געביט פון רעליף. אַזוי האָט בר. 513 געזאַמעלט 4,200 דאל., בר. 165—1000 דאל., בר. 120 און בר. 21 צו 500 דאל., און דער ליידים בר.—300 דאלאר.

וואָס אַנבאַלאַנגט עדיוקיישאָנאַל אַרבייט, געהען זיי אין גיכען גרינדען אַ קינדער־שולע. דורך דעם לעצטען סיזאָן האָבען זיי געהאַט דריי לעקטשורס.

ד. שייער, מינעסאָטא: די אַ. ר. קינדער־שולע, וואָס מען האָט לעצטענס געגרינדעט, איז זעהר אַ גרויסער ערפאָלג. 90 קינדער באַזוכען די שולע. די עדיוקיישאָנאל קאָמ. האָט זיי צוגעשיקט זעהר אַ גוטען לערער.

סט. פּאול געהט אין גיכען עפענען אַ קינדער־שולע. דאָרט קומט פאָר אַ סכסוך מיט דער דיסטריקט קאָמ., וואָס וועט וואַרשיינליך אין גיכען געשליכטעט ווערען.

ה. שולמאַן, מעין: די סטייט מעין האָט ניט קיין גרויסע אידישע ארבייטער־באַפעלקערונג, און דעריבער קענען זיי ניט פיל אויפטאָן אויף דעם געביט פון אַ מעמבערשיפּ קאמפּיין, דערפאַר טוען זיי אָבער פיל אַרבייט אויף די אַנדערע געביטען, וואָס דער אַ. ר. שטעלט זיך אַלס אויפגאַבע דורכצופיהרען. זיי האָבען געטאָן זעהר גוטע אַרבייט פאַר דעם רעליף; זיי האָבען געהאָלפען דער סאָציאַליסטישער פרעסע. יעצט אַרבייטען זיי פאַר דער אַמנעסטי באַוועגונג.

א. רובין, וויסקאָנסין: ביי זיי אין סטייט טוט מען די געוועהנליכע אַרבייט, ווי אין אַלע שטעט און שטעטלאך איבער׳ן לאַנד. מען קען אָבער טאָן פיל מעהר. עס פעהלט זיי בלויז טוער.

אַרום מילוואָקי האָט מען געזאַמעלט 800 דאל. פאַר רעליף, וועהרענד אין מילוואָקי גופא—בלויז 200 דאלאר.

ה. לין, ניו־דזשורזי: די גאַנצע ענערגיע פאַר דער לעצטער צייט האָבען די ברענטשעס אַוועקגעגעבען צו מאַכען די לעצטע קאָנווענשאָן איינדרוקספול ווי נאָר מעגליך און מיט ערפאָלג. עס איז זיי ווירקליך געלונגען דאָס דורכצופיהרען.

אין נואַרק האָט מען געגרינדעט 2 ברענטשעס און אין עליזאַבעטה געהט מען גרינדען אַ דריטען ברענטש.

ל. בעצאהלער, ניו־יאָרק: ער באַזוכט אַלע עקזעקוטיוו און סיטי קאָמיטע זיצונגען און העלפט זיי ווי ווייט מעגליך אין דער אַרבייט.

מ. רויס, קאָנעקטיקוט: די קינדער־שולע אין ניו־הייווען איז אַ גרויסער ערפאָלג. ער איז געפאָהרען אין האַרדפאָרד באַריכטען פון דער זיצונג פון דער נ. ב. און ד. מען זאַמעלט אויך געלט פאַר רעליף.

ל. אַרקין, פענסילווייניא: אַ טייל ברענטשעס אין קליינע שטעטלאך אין מיטעל־טייל פון סטייט זענען זעהר אָפּגעשוואַכט. זיי מיטען זעלטען. די עקז. וועט מוזען שיקען אַן אָרגאַנייזער אין יענע שטעטלאך, זיי אויפצולעבען.

וואָס אָנבאַלאַנגט די צוויי גרויסע דיסטריקט קאָמיטעס, דאָס איז די פילאדעלפיער און די פּיטסבורגער, טוען זיי זעהר גוטע אַרבייט. זיי רופען זיך אָפּ אויף אַלע געזעלשאַפטליכע אַרבייטען און זענען די פיהרער אין פיל באַוועגונגען.

י. וויניצקי, אָהייאָ: באַקלאָגט זיך וואָס צוליב דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמ., וואָס באַוויליגט ניט פאָראויס קיין געלט פאַר אָרגאַניזאַציאָנס־צוועקען, האָט דער אַ. ר. פאַרלאָרען אַ ברענטש אין לאָריין, אָהייאָ, ווייל ס׳איז פּשוט ניט געווען קיין געלט אויף אַרויסצופאָהרען דאָרטען אָרגאַניזירען דעם ברענטש. זיי טוען די אַלע נויטיגע אַרבייט וואָס דער אָפיס פאָדערט פון זיי.

ה. שערמאַן, ראָוד איילאַנד: דער לעצטער טומעל פון בר. 110 צוליב דער קומענדער קאָנווענשאָן פאַנגט אָן צו פאַרשווינדען און מען וועט קענען טאָן פיל גוטע אַרבייט דעם יאָהר.

מען האָט אויך אָנגעפאַנגען אַ באַוועגונג פאַר אַ קינדער־שולע.

ל. בענענסאָן, אילינאָיז: די ברענטשעס אין שיקאַגאָ האָבען אויסגעגעבען 24 טויזענד דאל. פאַר די טעגליכ: אַ. ר. קינדער־שולען. טויזענד דאלאר האָבען זיי געקראָגען פון דער עדיוקיישאָנאל קאָמ. און די איבעריגע געלט האָבען זיי געקראָגען דורך טעקסעס און אונטערנעמונגען.

לעצטענס האָבען זיי געקויפט אַ לייבאָר לייסעאום פאַר 115 טויזענד דאלאר אין דאָוגלאס פּאַרק. די ברענטשעס לעבען האַרמאָניש, און מען טוט די אַרבייט געמיינשאַפטליך.

### גריוועגס קאָמיטע באַריכט

פר. האַסקעל, טשערמאַן פון דער גריוועגס קאָמ., גיט אָפּ זיין באַריכט:

די קאָמיטע האָט זיך אינסטאָלירט דעם 23טען מאַי. פאַר דער קורצער צייט האָבען זיי שוין איניגע אַפּילס און גריוועגסעס געהערט.

אַ מיטגליד פון בר. 395 האָט אַפּעלירט געגען ברענטש פאַר שטראַפירען איהם מיט $99.99. דער ברענטש האָט גע׳טענה׳ט, אַז זיי האָבען איהם געמוזט שטראַפירען דערפאַר, וואָס ער פלעגט מאַכען שטערונגען ביי די מיטינגען. די גריוועגס קאָמ. האָט אַרונטערגענומען די שטראָף און האָט דעם מעמבער געמאַכט פאַר אַ מעמבער עט לאַרדזש.

אַ מיטגליד פון בר. 450 האָט אַפּעלירט געגען ברענטש פאַר שטראַפירען איהם מיט 25 דאל. דערפאַר וואָס ער האָט געשריבען אַ בריף אין דזשענעראל אָפיס, וואָס דער ברענטש איז געווען דאגעגען. די גריוועגס קאָמ. האָט אַרונטערגענומען די שטראָף גלויבענדיג, אַז אַ מעמבער מעג שרייבען אין דזשענעראל אָפיס געגען אַ האַנדלונג פון ברענטש אויב עס איז ניט ריכטיג.

אַ מיטגליד אַפּעלירט געגען זיין ברענטש פאַר שטראַפירען איהם מיט 10 דאל. דערפאַר וואָס ער האָט זיך געכאַפּט שלאָגען צום טשערמאַן. דער אַפּיל ווערט צוריקגעוויזען.

ער גיט איבער נאָך איניגע אַפּילס, וואָס זענען פאָרגעקומען פאַר זיי.

דער רעפּאָרט ווערט אָנגענומען.

פר. העסקעל ווערט באַדאַנקט פאַר זיין רעפּאָרט

עס ווערט פאָרגענומען דער „מאָל אַפּיל“.

פר. העסקעל, פון דער גריוועגס קאָמ., אָבדזשעקטעט וואָס מען נעמט אויף די קלאַגע. דער טשערמאַן ערקלערט איהם, אַז די נ. ב. און ד. האָט שוין וועגען דעם פאַרהאַנדעלט, און זיין אָבדזשעקשאָן איז צוריקגעוויזען געוואָרען. נאָך דעם ווי פר. מאָלל ערקלערט זיין אַפּיל, און פר. העסקעל האָט געענטפערט, איז אָנגענומען געוואָרען דער פאָרשלאַג, אַז דער באַשלוס פון דער גריוועגס קאָמ. זאָל צוריקגעוויזען ווערען, און דער ערשטער באַשלוס, וואָס בר. 184 האָט אַרויפגעליגט אויף פר. קאַטץ מיט שטראַפירען איהם מיט 75 דאל. און אַוועקנעמען אַלע רעכטען פאַר צוויי יאָהר, זאָל גוטגעהייסען ווערען.

## סאניטאריום קאָמיטע באַריכט

פר. וואלבערג, טשערמאַן פון דער סאניטאריום קאָם., גיט אָפּ זיין באַריכט:

פאַר די פיער וואָכען, זינט די קאָמיטע איז אַריין אין אַמט און האָט אָנגעפאַנגען פאַרוואַלטען דעם סאַניטאַריום, האָבען זיי געפונען דאָס די באַציהונגען צווישען די פּאַציענטען און פאַרוואַלטער זענען זעהר גוטע. אין סאניטאריום געפינען זיך יעצט 66 פּאַציענטען, 56 מענער און 10 פרויען. עס קאָסט אויפצוהאַלטען יעדען פּאַציענט $4.24 אַ טאָג.

פאַר דעם אָוועגד ווען די קאָמיטע האָט זיך אינסטאַלירט האָט מען אַראַנזשירט אַ קאָנצערט אין סאניטאריום פאַר די פּאַציענטען מיט יאָטעלע ראָזענבלאַט. צום קאָנצערט זענען אויך געקומען פיל זוויטיגע מענשען פון יענעם געגענד.

אַ קאָמיטע פון לאָס אנדזשעלעס סאניטאריום האָבען זיך געווענדעט צו דער קאָמיטע צו קריגען דעם סאניטאריום גראונד און צו אַראַנזשירען אַ קאָנצערט פאַר דעם בענעפיט פון לאָס אנדזשעלעסער סאניטאריום. זייער פאַרלאַנג איז צוריקגעוויזען געוואָרען, ווייל דאָס וואָלט געמאַכט ביי פילע דעם איינדרוק, אַז דער בענעפיט איז פאַר דעם אַ. ר. סאניטאריום.

מען וועט אין גיכען בויען נייע לאַקערס. מען האָט אויך פאַר דער סאניטאריום לייברערי געקויפט ביכער. מען נעמט יעצט אין סאניטאריום אינווענטאָרי. מיר האָבען איצט אַרום 2000 טשיקענס. די הויז וואָס מען האָט אַראָפּגעשניטען וועט באַטרעפען 2000 דאל. מען וועט היינטיגס יאָהר האָבען כמעט אַלע וועדזשטייבעלס פון די אייגענע פעלדער. אין סאניטאריום ווערען אין אַלגעמיין באַשעפטיגט 32 מענשען.

דר. פיש פאַרלאָזט דעם סאניטאריום דעם ערשטען אויגוסט. זיי אי זאויסגעקומען שווער אויסצוקלייבען דר. פיש'ס שטעל־פאַרטרעטער. פון די 31 אַפּליקאַנטען, וואָס זענען געווען פאַר דעם אַמט, האָבען זיי צוזאַמען מיט דער מעדיקאל אדוויזאָרי באָארד אָנגעשטעלט דר. אַנטאָנאָווסקי פון ליבערטי. דר. אַנטאָנאָווסקי איז גוט באַקאַנט מיט דעם סאַניטאַריום. מיט איניגע יאָהרען צוריק איז ער דאָרט געווען פאַר אַ קורצער צייט סופּעראינטענדענט. מען דענקט אויך אָנצושטעלען אַן אסיסטענט דאָקטאָר.

צוליב דעם וואָס ער (וואלבערג) פאָהרט קיין פוילען אַלס שליח פון זיינע לאַנדסלייט, וועט ער פאַר צוויי מאָנאַטען נעמען אַ „ליעוו אוו אבסענס".

עס ענטוויקעלט זיך אַ דעבאַטע וועגען רעפּאָרט. אויך ווערען געשטעלט איניגע פראַגען, וועלכע ווערען פון פר. וואלבערג געענטפערט.

דער רעפּאָרט ווערט אָנגענומען און פר. וואלבערג ווערט באַדאַנקט.

אַ פאָרשלאַג געהט דורך, אַז קאָמיטעס געשיקט פון דער נ. ב. און ד. צו באַזוכען דעם סאניטאריום זאָלען קריגען בלויז רוילראָוד קאָסטען, און ניט פאַר צייט־פאַרלוסט.

דערמיט שליסט זיך די פינפטע זיצונג.

### זעקסטע זיצונג

שבת, דעם 10טען יולי, 2 אוהר נאָכמיטאָג. ל. בעצאהלער, ניו־יאָרק, פאָרזיצענדער.

### גענעראַל סעקרעטער'ס באַריכט

פר. י. באַסקין, גענ. סעקרעטער גיט אָפּ זיין באַריכט:

מ'האָט געמאַכט אראנדזשמענטס מיט אַ קענעדער באַנק, וואו די געלדער וואָס קומען אַריין פון די קענעדער ברענטשעס זאָלען דעפּאָנירט ווערען און עס זאָל זיי אויך געצאָהלט ווערען מיט די קענעדער געלט פון דער זעלבער באַנק. דאָס האָט מען געמוזט טאָן צוליב דעם, וואָס די קענעדער ברענטשעס וואָלטען געמוזט דערלייגען געלט צוליב דאָס פאַלען פון קורס.

דער אַלגעמיינער צושטאַנד פון אַ. ר. איז זעהר אַ גוטער. ער לעזט איבער אַ טאַבעלע, אָנצייגענדיג יעדען פאָנד באַזונדער, וואו עס איז דאָ אַ דעפעציט און אין וועלכען פאָנד עס איז פאַראַן אַ סורפּלוס.

ער צייגט אויך אָן אויף אַן עדיטאָריעל אין „פראַטערנאל מאָניטאָר", אַ זשורנאַל אַרויסגעגעבען אין די אינטערעסען פון פראַטערנאַל אָרגאַניזאַציעס, וואו דער אַ. ר. ווערט זעהר שטאַרק געלויבט.

זינט דער לעצטער זיצונג פון דער נ. ב. און ד. ביז דער יעציגער זיצונג איז געקויפט געוואָרען פאַר 150 טויזענד דאלאר באָנדס. די לעצטע אינוועסטמענט ברענגט אַריין 4½ און 5 פּראָצענט אינטערעסט.

די צוויי קאמפּיינס, וואָס דער אַ. ר. געהט יעצט האָבען, האָפט ער, וועלען זיין אַן ערפאָלג, כאָטש ער דענקט אַז דער רעליף קאמפּיין ווערט אַביסעל געשטערט דורך די לאַנדסמאַנשאַפטען וואָס זענען יעצט פאַרשפּרייט איבער'ן לאַנד.

די מעמבערשיפּ איז לעצטען קוואָרטאל ניט געוואַקסען, ווי אין די דורכשניטליכע קוואָרטאַלען אין די לעצטע פאָר יאָהר. עס זענען אַריינגעקומען ווייניגער מעמבערס לעצטען קוואָרטאל, ווי אין די פאָריגע קוואָרטאַלען, און עס זענען געשטראָכען געוואָרען מעמבערס מעהר ווי לעצטען קוואָרטאל.

די דעפּיציטען אין איניגע פאָנדס קומען פון דעם, וואָס די אַסעסמענטס פאַר די פאַרשידענע פאָנדס זיינען אויסגעמאַכט געוואָרען אין 1910. פון דאַן ביז יעצט קאָסט אַלץ כמעט ווי 4 מאָל אַזוי פיעל, און זענען די פאָנדס ניט געהעכערט געוואָרען. צ. ב. ש., דער קאָנסומפּשאָן פאָנד האָט דעם זעלבען אַסעסמענט ווי מיט 10 יאָהר צוריק, וועהרענד רוילראָוד־פעיר פאַר די דעלעגאַטע, קאָסט יעצט פיעל מעהר ווי פריהער. די דעלעגאַטען קריגען יעצט 12 דאל. אַ טאָג אנשטאָט 5 דאל, דאָך האָט מען דעם פאָנד ניט געהעכערט. אמת, עס זענען אַריינגעקומען מעהר מעמבערס פון דאַן, דערפאַר שיקען די מעמבערס מעהר דעלעגאַטען.

דאָס זעלבע איז מיט דעם אַדמיניסטריישאָן פאָנד, עדיוקיישאָנאל פאָנד, א. ד ג.

לעצטענס האָבען די אינשורענס קאָמישאָנערס פון פאַרשידענע סטייטס אָנגעפאַנגען פאָדערען אַ בעסערען סיסטעם פאַר קראַנקען־בענעפיט, און מען וועט סוף כל סוף מוזען העכערען דעם פאָנד. פר. באַסקין גיט אַן אויספיהרליכען רעפּאָרט פון דעם קראַנקען־בענעפיט, וואָס ווערט אויסגעצאָהלט.

דער לייבאָר דעפּאַרטמענט האָט אונטערזוכט די פאַרשידענע סטאַטיסטיקס, וואָס געפינען זיך אין אָפיס, און זיי באַנוצען זיך מיט דעם אין געוויסע פאַלען.

דער פאַרמעגען פון אַ ר. אין די וואָלטס „פער וואַליו" באַטרעפט איין מיליאָן און 35 טויזענד דאלאר.

דעם דרעפט מעמבערס פאָנד האָט מען אַריבערגעפיהרט צו דעם קראַנקען־ מעמבערס־רעזערוו־פאָנד.

אין אָפיס געפינט זיך אויך 68 טויזענד דאלאר, וואָס איז אַריינגעקומען פאַר רעליף. 13 טויזענד דאלאר איז אויסגעצאָהלט געוואָרען צו די לאַנדסמאַנשאַפטען, נאָר די געלט איז דורכגעגאַנגען דורך די ביכער פון אָפיס.

לעצטענס איז דער אָפיס זעהר ענג געוואָרען און מען וועט מוזען מאַכען ענדערונגען צו מאַכען באַקוועם פאַר די פאַרשידענע דעפּאַרטמענטס פון אָפיס.

נאָכדעם ווי עס ווערען געשטעלט פראַגען, ווערט דער רעפּאָרט גוטגעהייסען און פר. באַסקין ווערט באַדאַנקט.

עס ווערען פאָרגענומען אַפּילס:

(פאַר איינצעלהייטען פון אַלע אַפּילס זעהר פּראָטאָקאָל פון דער ערשטער זיצונג נ. ב. און ד., סעפּטעמבער־אָקטאָבער נומער „פריינד").

1) אַפּיל פון יאַמפּאָלסקי, בר. 192, געגען דער גריוועגס קאָם. אַפּיל צוריקגעוויזען.

2) אַפּיל פון די קענעדער ברענטשעס. ווערט איבערגעגעבען צו דער עקז. קאָם. מיט דער פאַרלאַנג, אַז זיי זאָלען שליכטען די געלט־פראַגע פון די קענעדער ברענטשעס.

3) אַפּיל פון שלאכטער, בר. 79, געגען דער גריוועגס קאָמיטע. אַפּיל צוריקגעוויזען

4) אַפּיל פון בר. 600 געגען דער גריוועגס קאָם. אַזוי ווי דער ברענטש האָט ניט צוגעשטעלט די דאָקומענטען, וואָס די נ. ב. און ד. האָבען פון זיי פאַרלאַנגט, ווערט דער אַפּיל צוריקגעוויזען.

5) אַפּיל פון בר. 395 געגען דער גריוועגס קאָם. דער סעקרעטער ערקלערט, אַז דער אַפּיל איז אָנגעקומען נאָך דער צייט, וואָס די קאָנסטיטושאָן ערלויבט איינעם צו אַפּעלירען. דעם אַפּיל האָט ער ערהאַלטען ניט פון בר., נאָר פון פר. בענעסאָן, דירעקטאָר פון אילינאָיז סטייט. וואַרשיינליך האָט ער דאָס ערהאַלטען איידער די 30 טעג זענען פאַראיבער און עס בלייבט יעצט צו ענטשיידען אויב דאָס איבערגעבען צו אַ דירעקטאָר פון אַ סטייט אַן אַפּיל איז גלייך ווי ער וואָלט עס איבערגעגעבען דעם סעקרעטער פון די דירעקטאָרען.

דער טשערמאַן רולט, אַז דער אַפּיל מוז זיין ביים סעקרעטער פון די דירעקטאָרען אין די 30 טעג וואָס אַן אַפּיל קען געמאַכט ווערען.

בענענסאָן, אילינאָיז, אַפּעלירט געגען באַשלוס פון טשערמאַן. אַפּיל ווערט צוריקגעוויזען. דעם טשערמאַנ'ס רולינג ווערט גוטגעהייסען.

אויס די גרונדען וואָס דער אַפּיל איז ניט אָנגעקומען צום סעקרעטער אין צייט ווערט דער אַפּיל צוריקגעוויזען.

פריינד בענעסאָן פאַרלאַנגט, אַז עס זאָל פּראָטאָקאָלירט ווערען, אַז ער האָט דעם אַפּיל דערהאַלטען איידער די 30 טעג זענען פאַראיבער.

6) אַפּיל פון געוועזענע מעמבערס פון בר. 192, פּעטערסאָן, געגען דער נאַצ. עקז. קאָמיטע.

פר. בעצאהלער באַריכטעט, אַז ער, לין, נ. דזש., און מ. רייס, קאָננעק., זענען געפאָהרען קיין פּעטערסאָן און האָבען דאָרט אויסגעהערט די טענות געגען דער עקז. קאָם., פאַר וואָס זיי האָבען אויפגעלייזט דעם ברענטש. די עקז. קאָם. איז דאָרט געווען פאַרטראָטען דורך די פריינדע יודיטש און דינערשטיין. נאָכדעם ווי זיי האָבען אויסגעהערט אַלע טענות, רעקאָמענדירען זיי גוטהייסען דעם באַשלוס פון דער עקזעקוטיוו קאָמיטע.

די רעקאָמענדאַציע ווערט אָנגענומען.

7) אַפּיל פון בר. 6 געגען דער גריוועגס קאָם.:

נעמענדיג אין אנבאַטראַכט, אַז די קאָנווענשאָן האָט רעקאָמענדירט צו דער נ. ב. און ד. איבערצוקוקען נאָך אַמאָל די קייס, ווערט באַשלאָסען דאָס פר. העללער זאָל זיין אַ מעמבער עט לאַרדזש פאַר 5 יאָהר, און די שולדען צום ברענטש זאָל ער באַצאָהלען.

פר. וויניצקי פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל פּראָטאָקאָלירען, אַז ער שטימט דאַגעגען.

8) אַפּיל פון הערמאַן אנשעל, בר. 369, געגען דער סאַניטאַריום קאָם.. דער אַפּיל ווערט איבערגעגעבען דער נאַצ. גריוועגס קאָם.

עס ווערט באַשלאָסען צו שיקען צו דער סאַניטאַריום קאָמיטע פאָלגענדע רעקאָמענדאַציעס:

1) אַז עס זאָלען זיין געוויסע שטונדען אין טאָג ווען וויזיטאָרס זאָלען קענען באַזוכען דעם סאַניטאַריום.

2) מאַכען אַ שעהנעם אַריינפאָהר (אַ טויער) אין סאַניטאַריום

# באריכטען פון דער גענעראַל עקזעקוטיוו קאָמיטע

דער רעגעלער מאָנאַטליכער מיטינג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע ווערט אָפּגעהאַלטען מיטוואָך, דעם 1טען סעפּטעמבער, אום 8 אוהר אָווענד, מיט פר. ישורון אַלס טשערמאַן.

## ק אָ מ י ט ע ס.

פון דער א. ר. הויז קאָמיטע וואָס איז ערוועהלט געוואָרען ביים קאָנווענשאָן — פר. לעווימאַן, אַלס פאַרטרעטער, בעט ,אַז די עקזעקוטיווע זאָל צוציהען אַ צווייטען אויפ׳ן פּלאַץ פון פר. וואָלאָס, ווייל די קאָמיטע האָט אויסגעשלאָסען פאַר ניט אַטענדען די מיטינגען. פר. גליעבטער ערקלערט, אַז ס׳איז דאָ אַן ענטפער פון פר. וואָלאָס וועגען דער אַנגעלעגענהייט. עס ווערט באַשלאָסען צו האַנדלען נאָכדעם, ווי די צושריפטען וועלען פאַרגעלעזען ווערען.

פון ברענטש 563. זיי פרעגען וואָרום מען האָט צוריקגעוויזען פר. ב. זאגלין, אַ קאַנדידאַט, וועלכען מען האָט פאָרגעשלאָגען ביי זיי אין ברענטש. עס ווערט באַשלאָסען דאָס צו אונטערזוכען און זיי ענטפערען.

## צ ו ש ר י פ ט ע ן.

פון דער פּיפּלס רעליעף קאָמיטע. שיקען צו טיקעטס צו דעם מעמאָריעל מיטינג פון דר. קאַנטאָר און פּראָפעסאָר פריעדלענדער, וועלכע זיינען דערהרג׳עט געוואָרען אין אוקראַינע אַלס שלוחים פון דער דזשאָינט דיסטריביושאָן קאָמיטע. די טיקעטס ווערען צוטיילט צווישען די מיטגליעדער פון דער עקזעקוטיווע.

פון ברענטש 417. זיי דריקען אויס אַ הערצליכען דאַנק צום דזשענעראַל אָפּיס פאַר נעהמען אַ וואַרימען אינטערעס אין זייערן אַ קראַנקען מעמבער. זיי ערקלערען אַז אַ דאַנק די רעקאָמענדאַציע און באַמיהונג פון אָפּיס איז זייער מעמבער אריינגענומען געוואָרען אין מאָנטעפיאָר האָום.

פון די נייבאָרהוד דעי נורסערי אין נואַרק. באַדאַנקען פאַר די $50.00 וואָס איז פאַר זיי באַוויליגט געוואָרען פון דער לעצטער קאָנווענשאָן.

פון דענווער סאַניטאַריום, שיקען צו אַ רעסיט פאַר די $500.00 און דריקען אויס אַ דאַנק פאַר דער סומע וואָס איז זיי באַוויליגט געוואָרען פון דער קאָנוועגשאָן.

פון דעם מושב זקנים, שיקען צו אַ דאַנקס בריעף פאַר די $50.00 וואָס איז פאַר זיי באַוויליגט געוואָרען ביי דער לעצטער קאָנווענשאָן אין נואַרק.

פון דער היברו אימיגראַנט אייד סאָסייעטי, דריקען אויס אַ דאַנק און אַנערקענונג פאַר די 10 טויזענד דאָלאַר וואָס איז באַוויליגט געוואָרען פאַר זייער נייער היים.

פון פר. אב. עפּשטיין. ער גיט איבער וועגען דער שווערער געדריקטער לאַגע פון די אידישע אַרבייטער אָרגאַניזאַציעס, און ער אַפּעלירט, אַז די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו זאָל זיין דער איניציאַטאָר צו שאַפען אַ ספּעציעלען פאָנד פאַר זייער הילף. עס ווערט באַשלאָסען צו ערוועהלען אַ קאָמיטע פון 3, וועלכע זאָל זיך שטעלען אין פאַרבינדונג מיט דער פּיפּלס רעליעף קאָמיטע וועגען פאַנאַנדערטיילען אונזערע רעליעף געלדער. די קאָמיטע זאָל אויך האָבען די אויפגאַבע אריינצוברינגען די רעקאָמענדאַציע, ווי אונזערע רעליעף געלדער זאָלען איינגעטיילט ווערען. אין די קאָמיטע ווערען ערוועהלט פריינדע פיינערמאַן, זאַלצמאַן און מאָלאַט.

פון לייבאָר ליעג. זיי לאַדען איין צו שיקען 2 פראַטערנאַל דעלעגאַטען צו זייער קאָנוועגשאָן, וועלכע וועט אָפּגעהאַלטען ווערען דעם 3טען, 4טען און 5טען סעפּטעמבער. אַלס דעלעגאַטען ווערען ערוועהלט פריינדע יודיטש און ליטאַוער.

פון פר. וואָלאָס. ער ערקלערט, אַז צוליעב מיספאַרשטענדניסע אין דער קאָמיטע האָט ער באַשלאָסען די מיטינגען מעהר ניט צו באַזוכען. עס ווערט באַשטימט צו נאָמינירען 3, וועמען מען זאָל אָנפרעגען צו זיי נעהמען אָן אין דער קאָמיטע, און האַנדלען נאָכדעם ווי זיי וועלען ענטפערן. עס ווערען נאָמינירט פר. פּאָדניאַק, סינאַמאָן און בעצאַהלער.

פון ברענטש 114, סאַן פראַנציסקאָ. זיי פרעגען וואָס צו טאָן מיט די $50.00 וואָס איז ביי דער קאָנוועגשאָן באַשטימט געוואָרען פאַר די סטרייקער אין סאַן פראַנציסקאָ. זיי שרייבען אַז דער סטרייק איז פאַראיבער און די סטרייק קאָמיטע איז אויפגעליזט געוואָרען.

עס ווערט באַשלאָסען צו פאַרלאַנגען פון זיי, אַז זיי זאָלען די $50.00 צוריקשיקען אין אָפיס.

פון „ניו־דזשוירזי ליעדער", נואַרק. באַדאַנקען פאַר די $50.00 וואָס איז פאַר זיי באַוויליגט געוואָרען ביי דער לעצטער קאָנווענשאָן.

פון דער עססעקס קאָונטי סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. שיקען צו אַ דאַנקס־בריעף פאַר די $100.00 וואָס איז פאַר זיי באַוויליגט געוואָרען פון דער קאָנווענשאָן.

פון די „וואָירלד וואָר וועטעראַנס". באַדאַנקען פאַר די $50.00 וואָס איז פאַר זיי באַוויליגט געוואָרען פון דער קאָנווענשאָן.

פון „מעסענדזשער", דער אָרגאַן פון די אַרבייטער־ניגערס. באַדאַנקען פאַר די $250.00 וואָס איז באַוויליגט געוואָרען פאַר זיי פון דער קאָנווענשאָן.

פון ראַנד סקול. שיקען צו אַ רעסיט פאַר די $500.00 וואָס איז פאַר זיי באַוויליגט געוואָרען פון דער קאָנווענשאָן. באַדאַנקען פאַר דער פריינדליכער באַציהונג צווישען דעם אַרבייטער רינג און דער ראַנד סקול.

## ב אַ ר י כ ט ע ן.

פר. הערמאַן באַריכטעט, אַז ער איז געווען פאַרטראָטען ביי בר. 280 וועגען ענדערן דעם נאָמען פון ברענטש. אַ ספּעשעל מיטינג איז דאַמאָל׳ס ניט געווען. ער האָט ערפאַהרען, אַז דער באַשלוס פון ברענטש וועגען ענדערן דעם נאָמען איז דאָס ערשטע מאָל געפאַסט געוואָרען מיט 41 „פאַר" און 13 „געגען", און מאַנכע פון די, וועלכע האָבען פריהער געשטימט „פאַר", האָבען געענדערט זייער מיינונג, און זיינען יעצט געגען דעם, אַז דער נאָמען פון ברענטש זאָל געענדערט ווערען. די קאָמיטע וואָס איז ערוועהלט געוואָרען פון דער עקזעקוטיווע, ווערט באַאויפטראַגט ווידער צו אַטענדען צו דיזען ברענטש. באַריכט ערט גוטגעהייסען.

פר. ליטאַוער באַריכטעט, אַז פריינד פרישוואַסער און ער זיינען געווען פאַרטראָטען ביי דער אַרבייטער רינג קאָ־אָפּעראַטיווע קאָנפערענץ. ס׳זיינען געווען אַרום 200 דעלעגאַטען, וועלכע האָבען זיך ערנסט באַצויגען צו די פראַגען, וואָס זיינען פאַרהאַנדעלט געוואָרען. עס איז באַריכטעט געוואָרען, אַז זיי האָבען שוין געקויפט ביי דער בעקער יוניאָן די בעקעריי אין די בראָנקס. די פאַרטרעטער פון די אַרבייטער רינג ברענטשעס פון גרעיטער ניו יאָרק, וועלכע זיינען ביי דער קאָנפערענץ געווען פאַרטראָטען, האָבען זיך ענטוזיאַסטיש אָפּגערופען און פאַרשפּראָכען זייער שטיצע. פר. פרישוואַסער ערקלערט, אַז ער האָט די קאָנפערענץ באַגריסט אין נאָמען פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו. עס זיינען געווען פאַרטראָטען 97 ברענטשעס. עס איז אויפ׳ן פּלאַץ קאָלעקטירט געוואָרען אַרום $2000.00. לויט דעם באַריכט פון דער קאָמיטע פון דער א. ר. קאָ־אָפּעראַטיווע בעקעריי, האָבען זיי ביז איצט אַריינגעקראָגען 12 טויזענד דאָלאַר. זיי מוזען אָבער האָבען 50 טויזענד דאָלאַר אום אוועקצושטעלען די בעקעריי אויף אַ פעסטען און זיכערען באָדען. לויט דעם סענטימענט פון דער קאָנפערענץ איז צו ערוואַרטען, אַז די ברענטשעס וועלען זיך וואַרים אָפּרופען. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

## באַריכט פון דער ליגעל קאָמיטע.

פר. ראָזענבלאַט, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז די ליגעל קאָמיטע האָט פּראָגרעסירט אין איהר אַרבייט, און דער אָפיס שטעהט יעצט אין פאַרבינדונג מיט נאָך איינציגע סטייטס, וואו עס זיינען געמאַכט געוואָרען אַפּליקיישאָנס פאַר נייע טשאַרטערס. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

## סעקרעטער׳ס רעפּאָרט.

פר. גליעבטער, רעקאָרדינג סעקרעטער, באַריכטעט פאָלגענדעס: אַז דער קראַנקען בענעפיט פאָנד האָט דעם 31טען אויגוסט געהאַט אַ סורפּלוס פון $94,324.77. אַזוי ווי פון דעם סורפּלוס וועט דאַרפען אויסגעצאָהלט ווערען קראַנקען בענעפיט ביז צום 1טען סעפּטעמבער אַרום 15 טויזענד דאָלאַר, פאַר וועלכע דיוס איז שוין קאָלעקטירט געוואָרען, וועט אַלזאָ פון אָנפאַנג ביז קומענדען קוואַרטאַל אין קראַנקען בענעפיט פאָנד בלייבען א סורפּלוס פון אַרום 79 אָדער 80 טויזענד דאָלאַר.

דער סאַניטאַריום אויפהאַלטונגס פאָנד האָט לעצטען מאָנאַט געהאַט אויסגעגעבען $11,447. אין רעליעף פאָנד איז פון מאַי ביז דעם

---

3) אַז די קאָנצערטען, וואָס ווערען געמאַכט, זאָלען זיין בלויז פאַר פּאַציענטען, און ניט פאַר זייטיגע מענשען.

אַ פאָרשלאַג געהט דורך אַרויסצושיקען די רעזאָלוציע, וואָס איז אָנגענומען ביי דער לעצטער זיצונג, אויפפאָדערענדיג אַלע ברענטשעס זיך אָנצושליסען אָן די דיסטריקט און סיטי קאָמ. צו אַלע ברענטשעס.

אַ פאָרשלאַג צו שיקען צו דער קאָנסטיטושאָן רעוויזיאָנס קאָמ. אַ בריעף, ערקלערענדיג זיי וואָרום די נ. ב. און ד. דענקט דאָס אין דער נעקסטער קאָנסטיטושאָן זאָל אַריינגעהן אַ פּונקט דאָס די נ. ב. און ד. זאָל זיין באַרעכטיגט צו שיקען צוויי דעלעגאַטען צו די קאָנווענשאָנס.

עס ווערט באַשלאָסען, אַז דער קומענדער צוזאַמענפאָהר זאָל זיין דאָנערשטאָג, פרייטאָג און שבת, דעם 30טען און 31טען דעצעמבער 1920, און 1טען יאַנואַר 1921.

די פריינדע שערמאַן און וויניצקי ווערען ערוועהלט צו באַזוכען דעם סאַניטאַריום פאַר דעם קומענדען צוזאַמענפאָהר.

איינציגע דירעקטאָרען פאַרלאַנגען, אַז מען זאָל זיי באַוויליגען רייזע־קאָסטען צו פאָהרען באַזוכען די ברענטשעס אין זייערע סטייטס. זייער פאַרלאַנג ווערט צוריקגעוויזען.

דערמיט שליסט זיך דער צווייטער האַלב־יעהרליכער צוזאַמענפאָהר מיט אַ קורצע רעדע.

פר. י. ב. ביילין, דער רעד. פון „פריינד" שליסט דעם צוזאַמענפאָהר פון דער נ. ב. און ד.

ל. ארקין, סעקרעטער.

1טען סעפּטעמבער אַריינגעקומען $15,156.69. פון פריהער איז געווען אַ באַלאַנס פון $61,011.82. סך הכל איז געווען $69,174.51. פון דער סומע איז אויסגעצאָהלט געוואָרען $6,149.82 צו פאַרשיעדענע רעליעפס, וועלכע זיינען געשיקט געוואָרען דירעקט דורך לאַנדסמאַנשאַפט רעליעף קאָמיטעס, און עס איז אין רעליעף פאָנד ביז דעם ערשטען סעפּטעמבער געבליבען $70,024.69 ער גיט אויך איבער וועגען דעם צושטאנד אין די אַנדערע פאָנדס. באַריכט ווערט גוטגעהייסען. (פר. באַסקין איז אויף זיין וואַקיישאָן און דעם סעקרעטער'ס רעפּאָרט ווערט אָפּגעגעבען פון פר. געליעבטער).

וועגען דעם צושריפט פון פר. סאַלוצקי צו באַטייליגען זיך אין אַ קאָנפערענץ צו שאפען די אויסשטאַטונג פאר אַ האָספּיטאל און שיקען דאָס אַלס מתנה צו דער רוסישער סאָוויעטען רעגירונג צו זייער 3 יעהריגען יובילעאום. — ווערט באַשלאָסען צו באַטייליגען זיך אין אַזאַ קאָנפערענץ. (זעה רעפּאָרט פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע פון לעצטען מאָנאַט). אין דער קאָמיטע צו זיין פאַרטראָטען ביי אַזאַ קאָנפערענץ ווערען ערוועהלט פריינדע זאַלצמאַן און דינערשטיין.

עס ווערט באַשטימט צו האָבען אַ פאָרטזעצונג פון דעם מיטינג, דינסטאָג אָווענד, דעם 7טען סעפּטעמבער.

---

פאָרטזעצונג פון דעם מיטינג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע פון א. ר. ווערט אָפּגעהאַלטען דינסטאָג אָווענד, דעם 7טען סעפּטעמבער, מיט פר. אַלפערט אַלס טשערמאַן.

## צושריפטען.

פון דעם נאַציאָנאַלען אָפיס פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. בעטען צו ערוועהלען אַ פאַרטרעטער צו דער הירינג וואָס וועט אָפּגעהאַלטען ווערען אין וואַשינגטאָן, דעם 13טען סעפּטעמבער, וועגען אַלגעמיינער אַמנעסטיע. אַלס פאַרטרעטער ווערט ערוועהלט פר. באַסקין.

פון דער פעדעראציע פון די אידישע קאָ־אָפּעראַטיווע אין אמעריקא. לאַדען איין צו שיקען 2 דעלעגאַטען צו זייער קאָנווענשאָן, וואָס וועט אָפּגעהאַלטען ווערען דעם 18טען און 19טען סעפּטעמבער, אין וואוסטער, מאַסס. ערוועהלט פריינדע דאָזענבלאַט און עבעריל.

## קאָמיטעס.

פון ברענטש 636, ספּרינג וואלי. פר. פריעדמאַן, אַלס קאָמיטע, ערקלערט, אַז זיי האַלטען אין קויפען 3 אַקער לאַנד פאר אַ לאָקאַלע סעמעטערי, און זיי בעטען, אויב מעגליך, צו לייען זיי אַ געוויסע סומע אום זיי זאָלען קענען קויפען די סעמעטערי. דער טשערמאַן ערקלערט זיי, אַז מיר וועלען וועגען דעם האַנדלען און זיי לאָזען וויסען אונזער באַשלוס.

## רעפּאָרט פון דער גריווענס קאָמיטע.

פר. העסקעל, טשערמאַן פון דער גריווענס קאָמיטע, באַריכטעט נאָך נישט קיין ליד, אַקוראַט ווי אויערען אַליין מאַכען נאָך נישט קאָמיטע פאר ניט אויסצאָהלען די טויטען בענעפיט פאר זיין שוועסטער. דער אַפּעלאַנט האָט ערקלערט פאָלגענדעס: נאָכדעם ווי זי איז דאָס ערשטע מאָל עקזאַמינירט געוואָרען, האָט דער אָפיס צוריקגעשיקט דעם אַפּליקיישאָן צום ברענטש, אויפפאָדערענדיג אַז זיין שוועסטער זאָל נאָכאַמאָל אונטערזוכט ווערען, ווייל ער, אַלס ברודער און בענעפישערי, איז געווען דער קאָמיטעמאַן ביי דער דאָקטאָר אונטערזוכונג, און אַ צווייטער קאָמיטע־מאַן זאָל דערביי אנוועזענד זיין. נאָכדעם ווי זי איז אַ צווייטען מאָל אונטערזוכט געוואָרען, איז איהר אַפּליקיישאָן געבליבען ליגען אין ברענטש, ווייל מען האָט פאַר איהר געוואָלט איינשפּאָרען אַ קוואַרטאל דיוס. דערווייל אָבער איז זי געשטאָרבען. די אָפיס קאָמיטע האָט ערקלערט, אַז דער אָפיס האָט דעם ערשטען אַפּליקיישאָן אין גאַנצען צוריקגעוויזען, און דער צווייטער אַפּליקיישאָן איז אין אָפיס קיין מאָל ניט ערהאַלטען געוואָרען, פאָלגליך קען דער אַרבייטער רינג ניט זיין פאַראַנטוואָרטליך פאר די אינשורענס. די אָפיס קאָמיטע האָט דאַרום באַשלאָסען אַז דיזע טויטען בענעפיט קען ניט אויסגעצאָהלט ווערען. די גריווענס קאָמיטע האָט גוטגעהייסען די האַנדלונג פון דער אָפיס קאָמיטע.

אַ מיטגליעד פון ברענטש 171 האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון ברענטש צו באַשטראָפען איהם מיט $25.00 פאר עדות זאָגען אין קאָורט געגען אַ צווייטען מיטגליעד פון ברענטש. דער אַפּעלאַנט האָט ערקלערט, אַז יענער מעמבער האָט צוגענומען אַן ארבייטערין און איהר פאַרשפּראָכען צו געבען „סטעדי" אַרבייט. אין אַ קורצע צייט אַרום האָט ער איהר אָפּגעזאָגט מיט דעם אויסרייד, אַז זי איז ניט קיין גוטע אַרבייטערין. זי האָט פון איהם דאַן געמאָנט אַ געוויסע סומע דורכ'ן קאָורט. דער אַפּעלאַנט איז געגאַנגען עדות זאָגען אין קאָורט אַז זי איז יאָ אַ גוטע אַרבייטערין, און דער בעל הבית האָט ניט געהאַט קיין אורזאַכע איהר צוזענטזאָגען. דער אַפּעלאַנט האָט גע'טענה'עט אַז ער האָט אַרויסגעטראָטען אין קאָורט געגען דעם צווייטען מיטגליעד פון ברענטש אום צו פאַרטיידיגען די אינטערעסען פון אַן אַרבייטערין. דער ברענטש ווידער האָט גע'טענה'עט, אַז ס'איז פאר זיי געווען ניט אנגענעהם דאָס איין מיטגליעד האָט אַרויסגעטראָטען געגען צווייטען אין קאָורט, און זיי האָבען דאַרום דעם אַפּעלאַנט באַשטראָפט מיט $25.00. ס'איז באַשלאָסען געוואָרען גוטצוהייסען דעם אַפּיעל און אַראָפּנעהמען די שטראָף פון דעם אַפּעלאַנט, אויך שרייבען צום ברענטש, אַז אין דעם פאַל, ווען דער באַטרעפענדער איז געגאַנגען עדות זאָגען פאר אַן ארבייטערין געגען אַ מיטגליעד פון ברענטש, האָט ער ניט פאַרבראָכען אונזער קאָנסטיטוציע.

אַ מיטגליעד פון ברענטש 206 האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון ברענטש צו באַשטראָפען איהם מיט $25.00 פאר מאַכען מיאוס'ע באַשולדיגונגען געגען אַ צווייטען מיטגליעד פון ברענטש, מיט דער אַבזיכט אויסצופרעסען פון איהם געלד. די גריווענס קאָמיטע האָט דעם אַפּעלאַנט עטליכע מאָל אַרויסגערופען, און ער האָט זאָגאר ניט געפונען פאר נויטיג צו קומען זיך פאַרטיידיגען. די גריווענס קאָמיטע האָט באַשלאָסען גוטצוהייסען די האַנדלונג פון ברענטש.

צוויי מיטגליעדער פון ברענטש 450, דענווער, האָבען אַפּעלירט געגען ברענטש פאר באַשטראָפען איינעם פון זיי מיט צונעהמען דאָס וואָרט אויף 6 מאָנאַטען, און דעם צווייטען מיט שטרייכען איהם פון ברענטש. אין יענעם ברענטש קומען פאר רייבונגען שוין פון אַ לענגערע צייט, אויך די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט וועגען אַנדערע מיספאַרשטענדניסע אין דעם זעלבען ברענטש געהאַנדעלט. אויף אונזער אָנפראַגע וועגען דיזע 2 אַפּיעלס, האָט דער ברענטש געענטפערט, אַז זיי האָבען באַשלאָסען אַרונטערצונעהמען די שטראָף פון אַלע מיטגליעדער, שליכטען אַלע מיספאַרשטענדניסע, וועלכע זיינען פאָרגעקומען ביז יעצט, און ערקלערען אַן אַלגעמיינעם „שלום". די גריווענס קאָמיטע האָט געענטפערט דעם ברענטש, אַז מיר זיינען צופריעדען דערמיט וואָס דער ברענטש אַליין האָט די פראַגע געשליכטעט, אויסדריקענדיג די האָפנונג, אַז די פריינדליכע באַציהונגען וועלען אויך אין דער צוקונפט אָנגעהאַלטען ווערען.

## רעפּאָרט פון דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע.

פריינד יודיטש, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז די קאָנפערענץ פון די סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס ווערען יעצט אָפּגעהאַלטען איבער'ן גאַנצען לאַנד. פריינד עבעריל איז געווען פאַרטראָטען ביי דער קאָנפערענץ אין פּעטערסאָן. ברענטש 30 האָט זיך ניט באַטייליגט. צוליעב דעם עקאָנאָמישען קריזיס וואָס קומט יעצט פאָר, און צוליעב דעם וואָס פיעלע אַרבייטער רינג מעמבערס זיינען יעצט אַרבייטסלאָז, וועט פיליכט יענע דיסטריקט קאָמיטע האָבען גרויסע שוועריגקייטען אָנצופיהרען איהר אַרבייט מיט ערפאָלג. די נייע דיסטריקט קאָמיטע איז ערוועהלט געוואָרען פון פאַרטרעטער פון יעדען ברענטש, און האָט זיך פאַרפליכטעט צו טאָן אַלעס אין איהרע קרעפטען צו העלפען ביישטייערען איהר חלק צו די ביידע קאַמפּיינס וואָס דער אַרבייטער רינג וועט דעם יאָהר אָנפיהרען.

פר. עבעריל איז אויך געווען פאַרטראָטען ביי דער קאָנפערענץ אין האָדסאָן קאָונטי. זיי האָבען דאָרט באַשלאָסען צו ערוועהלען אַ דיסטריקט קאָמיטע פון 11 און אויך געבען אַ מעגליכקייט די יעניגע ברענטשעס, וועלכע זיינען ניט געווען פאַרטראָטען ביי דער קאָנפערענץ זיך אָנצושלאָגען שפּעטער אָן דער דיסטריקט קאָמיטע. זיי האָבען אויסגעאַרבייט אַ פּלאַן פאר דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין און אויך פאַר'ן קאַמפּיין פאר 75 טויזענד דאָלאַר פאר די מלחמה קרבנות. מאַנכע ברענטשעס פון זייער דיסטריקט האָבען שוין באַשלאָסען צו טעקסען זיך צו דאָלאַר פער מעמבער פאַר'ן אַרבייטער רינג רעליעף פאָנד. אַלע פראַגען וואָס זיינען געווען אויפ'ן טאָגעס אָרדנונג זיינען ביי דער קאָנפערענץ פאַרהאַנדעלט געוואָרען אויף אַן ערנסטען און אינטעליגענטען אופן. די קאָנפערענצען פון פּעטערסאָן און האָדסאָן קאָונטי האָבען באַדאַנקט די עקזעקוטיווע פאר שיקען צו זיי אַ פאַרטרעטער.

פר. קרינסקי איז געווען אנוועזענד ביי דער קאָנפערענץ אין רעדינג. עס זיינען געווען פאַרטראָטען 8 ברענטשעס צו 1 דעלעגאַט פון יעדען ברענטש. דער פאַרטרעטער פון ווילקעסבאַר ברענטש האָט געבעטען, אַז אימיצער זאָל קומען צו זיי ווען זיי וועלען האָבען די ערעפענונג פון ליובאָר לייסעאום. פר. קרינסקי איז אויך געווען פאַרטראָטען ביי דער וועסטשעסטער קאָונטי דיסטריקט קאָנפערענץ. די נייע דיסטריקט קאָמיטע האָט פאַרשפּראָכען צו טאָן אַלעס וואָס זיי וועלען קענען צו העלפען די עקזעקוטיווע אין ביידע קאַמפּיינס.

פר. דינערשטיין איז געווען פאַרטראָטען ביי די קאָנפערענצען פון נואַרק און ניו־העיווען. אין נואַרק איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען אַ דיסטריקט קאָמיטע פון ערפאַהרענע אַרבייטער רינג טוער, וואָס ס'איז צו ערוואַרטען אַז זיי וועלען זיין ערפאָלגרייך אין זייער אַרבייט אין די קומענדע 2 קאַמפּיינס.

ביי דער ניו יאָרקער קאָנפערענץ זיינען געווען פאַרטראָטען פר. דינערשטיין און ער (יודיטש). ס'איז ערוועהלט געוואָרען אַ נייע סיטי קאָמיטע פון 25. אַ גרויסע טייל פון די מיטגליעדער פון דער פריהערדיגער קאָמיטע זיינען ווידער ערוועהלט געוואָרען.

ער (יודיטש) איז געווען פאַרטראָטען ביי דער קאָנפערענץ אין נאָרפאָלק, ווא. ער האָט ביי דער קאָנפערענץ אָנגעצייגט, אַז צוליעב די שטענדיגע קריגערייען און מחלוקות ווערט דאָרט פאַרנאַכלעסיגט די אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבייט. ער האָט אַפּעלירט פאר האַרמאָני און איינִיגקייט. עס איז דאַן ערוועהלט געוואָרען אַ נייע דיסטריקט קאָמיטע, און ווי עס ווייזט אויס, וועלען די צווייסטיגקייטען ביסלעכווייז פאַרשווינדען, און די ברענטשעס וועלען זיך נעהמען צו טאָן גוטע אַרבייט.

קאָנפערענצען זיינען אויך אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין מאָנטריאָל, סיו סיטי, אַטלאַנטאַ און קענזאַס סיטי. צו יענע זיינען קיין פאַרטרעטער ניט געשיקט געוואָרען. לויט די שריפטליכע רעפּאָרטס וואָס זיינען ערהאַלטען געוואָרען, קען מען האָפען, אַז זיי וועלען טאָן גוטע אַרבייט דיזען יאָהר.

די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו געבען פאָלגענדע פּרעמיומס אין דער צייט פון מעמבערשיפּ קאַמפּיין: אַ וואָטערמאַן פאונטען פּען צו יעדען מיטגליעד, וואָס וועט אַריינ־

בריינגען 5 נייע קאַנדידאַטען, אָדער אַ סעט ביכער פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע. אויך געבען ברענטשעס, וואָס וועלען זיך אויסצייכענען אין ארויננעהמען אַ גרעסערע צאָהל מיטגליעדער, דאָס רעכט צו שיקען איין מיטגליעד פון זייער ברענטש אַלס אַ סטודענט אין רענד סקול אויף אַ פולען קורס וואָס קאָסט $60.00. דער סטודענט וועט דאַרפען באַצאָהלען העלפט פון די עקספּענסעס, דאָס הייסט, $30 און די איבריגע $30 וועט פאַר איהם באַצאָהלט ווערען פון דער נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע.

עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו דרוקען 20 טויזענד מעמאָראַנדום ביכלעך מיט קאַלענדאַרען וואָס זאָלען אויסגעטיילט ווערען אין צייט פון קאַמפּיין. דיזע ביכלעך וועלען אויף מאַנכע פּיידזשעס ענטהאַלטען ציפערען און פאַקטען וועגען אַרבייטער רינג. עס וועלען געדרוקט ווערען שאָו קאַרדס און פונאַנדערגעשיקט ווערען צו אַלע סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס, ווי אויך צו איינצעלנע ברענטשעס אין יענע שטעדט, וואו קיין סיטי קאָמיטעס זיינען ניט פאַראַן.

די טאָראָנטאָ דיסטריקט קאָמיטע, ווי אויך ברענטש 204 פון מאָנטריאָל, האָבען זיך גענומען אָנפיהרען אַן ענערגישען קאַמפּיין פון נייע מיטגליעדער. זיי האָבען אַרויסגעלאָזען ספּעציעלע פּאָסטערס וועגען אַרבייטער רינג.

אַ סכסוך איז פאָרגעקומען אין ברענטש 198 וועגען אַ טעקס, וואָס איז באַשטימט געוואָרען פאַר זייער לייבאָר ליסעאום. פר. זאַלצמאַן איז דאָרט געווען פאַרטראָטען און, ווי עס זעהט אויס, איז דער סכסוך געשליכטעט געוואָרען. לעצטענס קומען פאַר רייסערייען אין בר. 475 וועגען טראַנספערס פאַר 2 מיטגליעדער. דער ברענטש האָט באַשטימט אַ טעקס פון $5.00 פאַר אַ יעהרליכען יובילעאום. אויסער דעם האָט דער ברענטש באַשלאָסען צו באַשטראָפען מיט $5.00 יעדען איינעם, וועלכער וועט צום באַנקעט פון דעם יובילעאום ניט קומען. די 2 מיטגליעדער, וועגען וועמען עס האַנדעלט זיך, האָבען באַצאָהלט דעם טעקס פאַר דעם באַנקעט, זיי ענטזאָגען זיך אָבער צו באַצאָהלען דעם צווייטען טעקס פאַר ניט קומען צום באַנקעט. די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט ערקלערט, אַז די האַנדלונג פון ברענטש צו מאַכען אַ טעקס פאַר ניט קומען צום באַנקעט איז ניט געזעצליך, און זיי קענען דאַפיר קיין מיטגליעדער ניט שטרייכען. דער ברענטש איגנאָרירט אָבער דעם באַשלוס פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, און עס איז נויטיג צו נעהמען אַ פעסטע שטעלונג בנוגע דעם ברענטש. די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו רופען אַ ספּעשל מיטינג פון ברענטש, און דענקט, אַז אויב זיי וועלען ניט וועלען נאָכקומען די ענטשיידונג, וועט מען דעם ברענטש מוזען אויפלייזען.

אַזוי ווי פר. אב. עפּשטיין קומט צוריק פון אייראָפּאַ, איז באַשטימט געוואָרען צו אַראַנזשירען אַ גרויסען מאַסמיטינג פאַר איהם, ער זאָל דאָרט באַריכטען וועגען דעם צושטאַנד פון די אידישע אַרבייטער אָרגאַניזאַציעס אין אייראָפּאַ, און אויסנוצען דיזען מיטינג פאַר אָרגאַניזאַציאָנס צוועקען.

אין פילאַדעלפיא איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען די סיטי קאָנפערענץ, אָבער לײדער איז אונמעגליך געווען צו שיקען אַ פאַרטרעטער פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, ווייל אַלע מיטגליעדער זיינען געראַדע געווען פאַרנומען. בריעף זיינען געשיקט געוואָרען אין צייט צום סעקרעטער פון דער פילאַדעלפיא סיטי קאָמיטע אָפּצולייגען די קאָנפערענץ, אָבער קיין ענטפער איז ניט ערהאַלטען געוואָרען, בלויז די לעצטע מינוט האָבען זיי געשיקט אַ טעלעגראַמע, און געלאָזט וויסען, אַז די קאָנפערענץ וועט שטאַטפינדען דעם דייט ווי עס איז באַשטימט געוואָרען. אַ נייע סיטי קאָמיטע איז ערוועהלט געוואָרען ביי דער קאָנפערענץ. עס איז צו ערוואַרטען אַז זיי וועלען דעם יאָהר זיין טעטיג אויף דעם געביט פון אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט.

נאָכדעם ווי עס ווערען געשטעלט איניגע פראַגען, ווערט דער רעפּאָרט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע.

פריינד בערנשטיין, וויס טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז זיי האָבען פאַרהאַנדעלט די פראַגע וועגען „פריינד" און באַשלאָסען, דאָס ביז יאַנואַר זאָל דער זשורנאַל ארויסגעגעבען ווערען איין מאָל אין צוויי מאָנאַטען. אָנפאַנגענדיג אָבער פון יאַנואַר, 1921, וועט דער „פריינד" ארויסגעגעבען ווערען אין אַ קלענערען פאָרמאַט, און עס וועלען אָנגענומען ווערען מיטלען, אַז דער זשורנאַל זאָל ערשיינען יעדען מאָנאַט, רעכענענדיג זיך מיט דעם בודזשעט וואָס דער „פריינד" האָט.

ביי אַ קאָנפערענץ פון פאַרטרעטער פון דער ארבייטער רינג שול קאָמיטע און פון שלום עליכם פאָלקס שול, איז אויסגעאַרבייט געוואָרען אַ פּלאַן וועגען ארויסגעבען אַ קינדער זשורנאַל. די פאַרוואַלטונג פון זשורנאַל זאָל באַשטעהן פון 3 מיטגליעדער פון די אַרבייטער רינג שולען און 3 מיטגליעדער פון דער שלום עליכם פאָלקס שול. דער נאָמען פון דעם זשורנאַל זאָל זיין „קינדער זשורנאַל", אַרויסגעגעבען פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע פון אַ. ר. און פון דעם שלום עליכם פאָלקס אינסטיטוט. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע וועט פאַר דער אויסגאַבע אַסיגנירען $300.00 און די שלום עליכם פאָלקס שול $150.00.

די פּעטערסאָן שול קאָמיטע האָט גערופען אַ קאָנפערענץ אויף דעם 10טען סעפּטעמבער אין פאַרבינדונג מיט דער ווייטערדיגער טעטיגקייט פון די שולען און אויך וועגען אַלגעמיינע עדיוקיישאָנאַל טעטיגקייט. פריינד פיינערמאַן איז ערוועהלט געוואָרען צו זיין פאַרטראָטען ביי דער קאָנפערענץ.

די טעטיגקייט פון די אַרבייטער רינג שולען ווערט אויסגעאַרבייט פון מאָנאַט צו מאָנאַט. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע קומט אויס אָפּצוגעבען אַ מאסע פון איהר אַרבייט אויף צו העלפען ענטוויקלען די עקזיסטירענדע שולען, ווי אויך צו העלפען גרינדען נייע שולען, וואו עס איז נור דאָ אַ פאַרלאַנג פאַר אַזעלכע.

באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער אָפּיס קאָמיטע.

פריינד אייבראַמס, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז די ברענטשעס פון קענעדע האָבען צוגעשיקט דאַנקס־בריעף צו די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו פאַר מאַכען אַראַנזשמענטס אַז זיי זאָלען האָבען אַ מעגליכקייט צו צאָהלען זייער דיוס צום אָפּיס אין קענעדער אָנשטאָט אַמעריקאַנער געלד.

דער אַרטיקעל מיט די טאַבעל וועגען אונזער בענעפיט, וואָס האָט געזאָלט געדרוקט ווערען אין „פראַטוירנאַל מאָניטאָר", איז איבערגעגעבען געוואָרען צו דעם „מאָדערן מעדיסין", דעם באַוואוסטען מעדיצינישען זשורנאַל אין ענגליש. אין „פראַטוירנאַל מאָניטאָר" וואָלטען מיר געדאַרפט באַצאָהלען $250 פאַר דרוקען דעם אַרטיקעל. דער „מאָדערן מעדיסין" דרוקט דאָס אין גאַנצען אָהן געלד.

מר. עלדרידזש, אונזער עקטשועריִ, האָט שוין אויסגעאַרבייט טאַבעלען פאַר די צאָהלונגען פון 50 יעהריגע מיטגליעדער, וועלכע וועלען קענען אַריינגענומען ווערען (איינער פון יעדע 15 נייע קאַנדידאַטען), ווען נייע ברענטשעס ווערען אָרגאַניזירט.

## רעפּאָרט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע.

פריינד שפּינראַד, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז זונטאָג, דעם 22טען אויגוסט, איז אין סאַניטאַריום געגעבען געוואָרען אַ באַנקעט, וועלכער האָט געדינט צוויי ציעלען: צו זאָגען אַ זייגעזונד צו דר. פיש, דעם מעדיקאַל דירעקטאָר און סופּעראינטענדענט פון סאַנאַטאַריום, און צו געבען אַ הערצליכען ווילקאָמען צו דר. אַנטאָנאָווסקי, וועלכער האָט פאַרנומען זיין פּלאַץ. ניט קוקענדיג דאַרויף, וואָס ביים באַנקעט זיינען אַנוועזענד געווען העכער 100 פּערזאָן, איבער 80 פּאַציענטען, אָנגעשטעלטע און געסט, דאָך האָט די גאַנצע אונטערנעהמונג געטראָגען אַ כאַראַקטער ניט נאָר פון אַ באַנקעט, נאָר פון אַ גרויסען פאַמיליען יום טוב.

פר. ישורון, טשערמאַן פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע, איז געווען דער טאָסט מייסטער ביים באַנקעט. ער האָט אין אַ גלענצענדע רעדע באַגריסט דר. פיש, אויסגעדריקט באַדויערען וואָס ער פאַרלאָזט דעם סאַנאַטאַריום און האָט אויך אויסגעדריקט די האָפנונג, אַז דר. אַנטאָנאָווסקי וועט געהן אין די זעלבע טריט וואָס דר. פיש, און וועט אָנהאַלטען די זעלבע פריינדליכע אַטמאָספערע וואָס הערשט אין סאַנאַטאַריום. אויך אַלע מיטגליעדער פון דער סאַנאַטאַריום קאָמיטע זיינען דאָרט אַנוועזענד געווען און יעדער איינער פון זיי האָט געהאַלטען אַ קורצע רעדע אין פאַרבינדונג מיט דער אונטערנעהמונג. עס האָבען אויך גערעדט פר. באַסקין, דזשענעראַל סעקרעטער פון אַ. ר., פ. געליעבטער, רעקאָרדינג סעקרעטער, פריינדע ל. ראָטהמאַן און י. קלופּט, מיטגליעדער פון דער פריהערדיגער סאַנאַטאַריום קאָמיטע. מ. העסקעל, טשערמאַן פון דער נאַציאָנאַלער גריווענס קאָמיטע, י. אַדלער (קאָוונער) וועלכער ווערט איינגעלאַדען כמעט צו יעדער אונטערנעהמונג אין סאַנאַטאַריום, האָט באַגריסט דר. פיש און דעם נייעם דאָקטאָר און האָט אויך פאָרגעלעזען איניגע פון זיינע הומאָריסטישע זאַכען. די פּאַציענטען גרינפיעלד און פוקס האָבען באַגריסט דר. פיש. פּאַציענט פוקס, וועלכער האָט גערעדט אין נאָמען פון אַלע פּאַציענטען, האָט זיך אויסגעדריקט דאָס די פּאַציענטען פאַרלירען אין דר. פיש ניט נאָר אַ גוטען דאָקטאָר און אַ מענעדזשער, נאָר אויך אַ נאָהענטען פריינד. ער האָט דאַן איבערגעגעבען דר. פיש אַ גאָלדענעם זייגער אַלס מתנה און אנדענקען פון די פּאַציענטען אין סאַנאַטאַריום. די פרויען פּאַציענטען האָבען צוגעגרייט אַ גרויסע פאָטאָגראַפיע פון דר. פיש, אַריינגעשטעלט אין אַ פּראַכטפאָלען ראַם, און עס באַהאַנגען מיט בלומען אין דער צייט פון באַנקעט. דר. האַלפּערן האָט נאָכהער פאָרגעשטעלט דר. אַנטאָנאָווסקי, און אָנגעדייטעט, אַז מיט עטליכע יאָהר צוריק, אין דער צייט ווען איין דאָקטאָר איז אוועקגעגאַנגען און דער צווייטער איז אָנגעקומען, האָט דר. אַנטאָנאָווסקי פאַרנומען דעם פּלאַץ פון מעדיקאַל דירעקטאָר און סופּעראינטענדענט: זיין אַרבייט איז דאַן געווען אַ צופריעדענשטעלענדע אי פאַר די פּאַציענטען איז פאַר דער פאַרוואַלטונג. דר. האַלפּערן האָט אויסגעדריקט די האָפנונג, אַז יעצט, ווען דר. אַנטאָנאָווסקי איז אָנגעשטעלט געוואָרען אַלס פּערמאַנענטער מעדיקאַל דירעקטאָר און סופּעראינטענדענט, וועט ער זיכער אָנווענדען אַלע זיינע קרעפטע צו העלפען ווייטער ענטוויקלען אונזער אַנשטאַלט. דר. אַנטאָנאָווסקי האָט דאַן געהאַלטען אַ קורצע רעדע און האָט ערקלערט, אַז ער וויל ניט זאָגען וואָס ער דענקט צו טאָן, ווייל ער גלויבט מעהר אין טאַטען ווי אין ווערטער. די פּאַציענטען האָבען איהם געגעבען זעהר אַ וואַרימע אויפנאַהמע.

אין אַלגעמיין האָט דער באַנקעט געמאַכט אַ זעלטען גוטען איינדרוק אויף אַלע אַנוועזענדע. די פריינדליכע באַציהונגען וואָס הערשען יעצט אין סאַנאַטאַריום האָבען געשוועבט אין דעם גרויסען עסצימער, וואָס איז געווען באַפּוצט מיט בלומען לכבוד דער אויסערגעוועהנליכער אונטערנעהמונג.

פריינד שפּינראַד האָט ערקלערט, אַז די סאַנאַטאַריום קאָמיטע האָט באַשלאָסען דאָס ער (שפּינראַד) זאָל פאַרבלייבען אין סאַנאַטאַריום אויף אַ וואָך צייט, ווען דר. אַנטאָנאָווסקי איז אריין אין אמט, אום איהם אַלעס איבערצוגעבען און זעהן, אַז אַלעס זאָל אוועקגעשטעלט

איהם אלעס איבערצוגעבען און זעהן, אז אלעס זאל אונעקגעשטעלט ווערען אין ארדנונג. ער איז דארט געוועזן ביז לעצטען זונטאג. דר. אנטאנאָווסקי האט געמאכט זעהר א גוטען איינדרוק אויף אלע פאציענטען, עס איז קענטיג אז דער נייער דאקטאר וועט אן אלע זיינע כחות ניט נאר אנצוהאלטען דעם פרעסטיזש פון אונזער סאנאטאריום, נאר אויך צו מאכען אויסבעסערונגען דארט, וואו אזעלכע קענען געמאכט ווערען. עס איז צו ערווארטען, אז די פאציענטען וועלען איהם געבען א זעהר פריינדליכע אונטערשטיצונג, ווייל די יעצטיגע פאציענטען פארשטעהען, אז יעדע אויסבעסערונג אין סאנאטאריום איז פריהער פון אלעס פאר די פאציענטען פון סאנאטאריום אליין.

פר. שפינראד ערקלערט, אז אין איין צימער פון האספיטאל זיינען ארויסגעשטעלט געווארען לאקערס און טאש סטענדס, אזוי דאס עס וועט יעצט זיין פלאץ פאר 16 פרויען פאציענטען אנשטאט פאר 12, ווי עס איז געוועזן ביז יעצט. די ארבייט פון די לאקערס און וואש סטענדס איז געמאכט געווארען דורך אייגענע אנגעשטעלטע אין סאניטאריום, און ס'איז אויף אזא אופן איינגעשפארט געווארען א געוויסע סומע ווי ווען מען וואלט די זעלבע ארבייט אוועקגעגעבען צו א קאנטראקטאר.

אויף הערי ארקאוויצ'ס פלאץ איז אנגעשטעלט געווארען א יונגער מאן מיט'ן נאמען אוירווינג בערמאן. ער איז לעצטע וואך אדויסגעקומען אין סאניטאריום, און איבערגענומען די ארבייט. דער ביל פאר פיקסען דעם אוטאמאביל איז נאך ניט אויסגעצאהלט געווארען. דער אייגענטימער פון גאראזש האט די זאך איבערגעגעבען צו א לאיער אין ליבערטי. די סאניטאריום קאמיטע האט די זאך איבערגעגעבען צו דר. אנטאנאווסקי, און איהם באאויפטראגט צו שליכטען די אנגעלעגענהייט מיט דעם לאיער אדער מיט דעם אייגענטימער פון גאראזש אליין.

פר. מ. וואלבערג האט געשיקט א בריעף פון פאריז צו דער סאנאטאריום קאמיטע און געבעטען גריסען אלע מיטגלידער פון דער עקזעקוטיוו.

באריכט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפארט פון דער בענעפיט קאמיטע.

פריינד יאקאבי, טשערמאן פון דער קאמיטע, באריכטעט, אז דער אפיס האט זיי צוגעשטעלט טאבעלען פון קראנקען בענעפיט, לויט די דיסטריקט קאמיטעס. די טאבעלען נעמען ארום די לעצטע 4 קווארטאלען. די בענעפיט קאמיטע האט שטודירט דיזע טאבעלען, און אויסגעפונען, אז אין מאנכע פעלע האבען ברענטשעס אין פארלויף פון דעם יאהר געקראגען 2 מאל אזוי פיעל בענעפיט וויפיעל זיי האבען איינגעצאהלט פאר די בענעפיט אסעסמענט. די בענעפיט קאמיטע וועט ספעציעל אונטערזוכען די סערטיפיקייטס פון יעדען פון דיזע ברענטשעס, כדי צו זעהן צו זיי האבען געהאט בראנישקראנקע אדער פיעלע פעלע אין דער לעצטער אינפלוענציא.

די בענעפיט קאמיטע האט באשלאסען פיעלע פון דיזע ברענטשעס נאכהער צו באזוכען און צו מאכען אויפמערקזאם דארויף די ברייטע מיטגלידערשאפט און זעהן אז דיזע ברענטשעס זאלען אננעמען מיטלען, אויב עס איז מעגליך, אין דער צוקונפט, ניט צו ציהען מעהר ווי די נארמאלע בענעפיט.

אין פארבינדונג מיט די בודזשעטען פאר האספיטאלס פונ'ם 5000 דאלאר פאנד, וואס איז באוויליגט געווארען פון דער לעצטער קאנווענשאן, האט די בענעפיט קאמיטע באשלאסען אנפרעגען די פאלגענדע דיסטריקט קאמיטעס וועלכע ארטיגע האספיטאלס זיי רעקאמענדירען צו שטיצען: שיקאגא, פילאדעלפיא, נוארק, פעטערסאן, באלטימאר, ראטשעסטער, דעטראיט, מאנטרעאל און ניו-הייווען. ס'איז פארשטאנען געווארען ביי דער בענעפיט קאמיטע, אז בודזשעטען זאלען באשטימט ווערען פאר האספיטאלס בלויז פאר אזעלכע שטעדט וואס האבען ניט ווייניגער ווי 5 ברענטשעס.

די בענעפיט קאמיטע האט געבעטען, אז דער אפיס זאל איהר צושטעלען טאבעלען וועגען בענעפיט, ווייל די בענעפיט קאמיטע האט יעצט אויפ'ן טאגעס-ארדנונג די פראגע וועגען העכערען די וועכענטליכע קראנקען בענעפיט. עס פארשטעהט זיך, אז דאס איז אן ערנסטע פראגע און מוז גענוי באטראכט און אונטערזוכט ווערען. נאכדעם ווי די טאבעלען וועלען פון אפיס צוגעשטעלט ווערען, וועט די בענעפיט קאמיטע זיך בעראטען מיט דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע וועגען דער אנגעלעגענהייט, אום צו קומען צו א פארשטענדניס און באשלוס בנוגע אזא רעקאמענדאציע וועגען העכערען די קראנקע בענעפיט אין אלגעמיין.

נאכדעם ווי עס ווערען געשטעלט איניגע פראגען, ווערט דער רעפארט גוטגעהייסען.

עס ווערט באשטימט, אז דער נעקסטער מאנאטליכער מיטינג זאל אפגעהאלטען ווערען זונטאג, דעם 3טען אקטאבער.

פ. גאליעבטער, רעקארדינג סעקרעטער.

---

## בריף-קאסטען

ב. קאלמאן-יאש: מיר קענען עס נישט דרוקען. מעגליך די פריהערדיגע זאכען וועגען וועלכע איר שרייבט זיינען געווען געראטענער. איר קענט דאך אליין פארשטעהן אז גראמען אליין מאכען נאך נשיט קיין ליד, אקוראט ווי אויערען אליין מאכען נאך נישט קיין שטיוועל.

פ. סעגאל, פילאדעלפיא: די פראגע איז שוין יעצט פארעלטערט. היינטיגע צייטען זיינען שוין כשר געווארען א סך זאכען און אנדערע פון זיי א סך טריפה'רע ווי... קאאפעראציע.

גליק, לואיסטאן: פארוואס רופט איר זיך נישט אפ? געהתם איר טאקע אונז באשטראפען מידה כנגד מידה-?...

פ. סאמואילזאן: שיקט צו, וועלען מיר זעהן.

---

קארעקשאן.

אין דעם אינהאלט פארצייכעניש איז דורך א פארזעהן ארויסגעפאלען:

יהושע פינקעל: זיין בילד (ליד).
ארטור עסעלין: שאנד (געדיכט).
איידא טילעם: די אלטע (ליד).

---

STATEMENT OF THE OWNERSHIP, MANAGEMENT, CIRCULATION, ETC., REQUIRED BY THE ACT OF CONGRESS OF AUGUST, 24, 1912, of The Friend, published monthly at Pasaic, N. J., for October 1, 1920.

State of New York, County of New York, SS:

Before me, a Commissioner of Deeds, in and for the State and county aforesaid, personally appeared Isreal B. Bailin, who, having been duly sworn according to law deposes and says that he is the Managing Editor of The Friend and that the following is, to the best of his knowledge and belief, a true statement of the ownership, management (and if a daily paper, the circulation), etc., of the aforesaid publication for the date shown in the above caption, required by the Act of August 24, 1912, embodied in section 442, Postal Laws and Regulations, printed on the reverse of this form, to wit:

1. That the names and addresses of the publisher, editor, managing editor, and business managers are:
Publisher: The Workmen's Circle, 175 E. Broadway, N. Y. City
Editor: I. B. Bailin, 175 E. Broadway, N. Y. City.
Managing Editor: I. B. Bailin, 175 E. Broadway, N. Y. City.
Business Manager: Joseph Baskin, 175 E. Broadway, N. Y.

2. That the owners are The Workmen's Circle, 175 E. Broadway, N. Y. City, fraternal organization: no stockholders.

3. That the known bondholders, mortgagees, and other security holders owning or holding 1 per cent or more of total amount of bonds, mortgages, or other securities are: None.

4. That the two paragraphs next above, giving the names of the owners, stockholders, and security holders, if any, contain not only the list of stockholders and security holders as they appear upon the books of the company but also, in cases where the stockholder and security holder appears upon the books of the company as trustee or in any other fiduciary relation, the name of the person or corporation for whom such trustee is acting, is given; also that the said two paragraphs contain statements embracing affiant's full knowledge and belief as to the circumstances and conditions under which stockholders and security holders who do not appear upon the books of the company as trustees, hold stock and securities in a capacity other than that of a bona fide owner; and this affiant has no reason to believe that any other person, association, or corporation has any interest direct or indirect in the said stock, bonds, or other securities than as so stated by him.

Sworn to and subscribed before me this 23rd day of September, 1920.

(Seal) JULIUS EPSTEIN, Com. of Deeds.

(My commission expires Feb. 4. 1921.)

# פינאַנץ־בעריכט פונ׳ם 79טען קוואַרטאַל

(אַפּריל, מאַי און יוני, 1920)

### איינאַהמע:

| | |
|---|---|
| [illegible] ברענטשעס | $141,590.13 |
| [illegible] מעמבערס עט לאַרדזש | 4,498.50 |
| [illegible]ינמרים געלד פון נייע מעמבערס, 1טע, 2טע, 3טע און 4טע קלאַסען | 9,944.63 |
| ס״ה איינאַהמע פון מעמבערס | $156,034.26 |

### אינוועסטמענטס:

| | |
|---|---|
| [illegible]נטערעסט פון באָנדס | 10,721.75 |
| [illegible]נטערעסט פון מאָרטגיידזשעס | 1,062.50 |
| [illegible]נטערעסט פון דעפּאָזיטס | 416.48 |
| [illegible]נאַטאַריום דעפּאָזיטס (בעצאָהלטע פּאַציענטען) | 1,360.00 |
| [illegible]באָר ליעג פּאַציענטען | 14.28 |
| [illegible]נאַטאָריום פאַרם פּראָדוקטען | 619.96 |
| [illegible]נאַטאָריום לייוו סטאַק | 128.50 |
| [illegible]נאַט. פוירניטשור און פיקסטשורס | 175.00 |

### פּריוויליגע בייסטייערונג:

| | |
|---|---|
| [illegible] די מלחמה קרבנות | 27,008.60 |
| [illegible]ר סוס און בעג מייקערס יוניאָן | 28.00 |
| [illegible]ר אַמנעסטי פאַר פּאָליטיקאַל פּריז. | 60.40 |
| [illegible]ר אַרבייטער רינג ברענטשעס | 4.00 |

### פאַרשיעדענע איינאַהמען:

| | |
|---|---|
| [illegible]בייטער רינג לייבּרערי | 31.00 |
| [illegible]ב. רינג לייברערי, 1918 | 62.00 |
| [illegible]ב. רינג לייברערי, 1919 און 1920 | 69.83 |
| [illegible]רל מאַרקס ביכער | .45 |
| [illegible]ייטער לייבאָר עדיוקיישאַנאַל קאָם. | .30 |
| [illegible]יוקיישאַנאַל ביוראָ | 366.22 |
| [illegible]בייטער רינג סקוהלס | 25.00 |
| [illegible]ענטש סופּלייעס | 9.30 |
| [illegible]מעטערי דעפּאַרטמענט | 66.59 |
| [illegible]ציעלע ריאימבורסמענט (וויינטרויב געלדער) | 240.00 |
| [illegible]פּענס | 4.84 |

### אומגעקעהרטע אויסגאַבען:

| | |
|---|---|
| [illegible]נווענשאָן פאָנד | 3,217.89 |
| [illegible]נס (סעמעטערי דעפּאַרטמענט) | 160.00 |
| [illegible]מיניסטריישאָן פאָנד | 48.55 |
| ס״ה איינאַהמע | $201,935.50 |
| [illegible]לאַנס פון 1טען מאַרטש | 76,753.31 |
| ס״ה איינאַהמע | $278,688.81 |

### אויסגאַבען:

| | |
|---|---|
| [illegible] ברענטשעס | $5,794.29 |
| [illegible] מעמבערס עט לאַרדזש | 23.79 |
| [illegible]יטען בענעפיטס | 24,113.34 |
| [illegible]נסאַמפּשאָן בענעפיט | 1,400.00 |
| [illegible]אַנקען בענעפיטס (צו מעמבערס עט לאַרדזש) | 969.00 |

### אינוועסטמענטס:

| | |
|---|---|
| [illegible]נדס (יונייטעד סטייטס ליבערטי באָנדס, נאָמינאַל ווערטה $60,000) | 51,397.50 |
| [illegible]ירניטשור און פיקסטשורס | 599.90 |

### סאַניטאַריום

| | |
|---|---|
| [illegible]פהאַלטונג פאָנד | 23,452.00 |
| [illegible]ירניטשור און פיקסטשורס | 2,767.75 |
| [illegible]לדינג | 11.22 |
| [illegible] סטאָק | 126.73 |
| [illegible]נטערהאַלטונגען | 432.87 |
| [illegible]פּאָזיטס | 15.00 |

### אַדמיניסטראַציע אויסגאַבען:

| | |
|---|---|
| [illegible]נט | 812.49 |
| [illegible]אַרים פון אַנגעשטעלטע | 8,462.37 |
| [illegible]בטרא אַפּיס אַרבייט | 104.72 |
| [illegible]שידענעס | 429.21 |
| [illegible]יט אינשורענס קאָמישאָנערס פאַר [illegible]ייסענס | 486.00 |
| [illegible]נשורענס פּובליקיישאָנס | 92.02 |
| [illegible]דיטינג דעפּאַרטמענט | 799.88 |
| [illegible]יט קאָמיטע | 185.91 |
| [illegible]נעפיט קאָמיטע | 226.58 |
| [illegible]וועגס קאָמיטע | 209.26 |
| [illegible]ציאָנאַלע באָארד און דירעקטאָרען | 25.92 |
| [illegible]מיטינגס | 37.49 |
| [illegible]יישאַנערי און ביכער | 871.85 |
| [illegible]ווערטייזינג | 331.55 |
| [illegible]לעפאָן און טעלעגראַף | 131.66 |
| [illegible]יער אינשורענס | 111.70 |
| [illegible]לייטונג | 79.05 |
| [illegible]לעקשאָן און עקסטשיינדזש | 86.61 |
| [illegible]יטינג | 54.00 |
| [illegible]יועקספּענסען | 39.00 |
| [illegible]דיציניש באַראַטונג | 13.40 |
| [illegible]ספּרעסיידזש | 5.04 |
| [illegible]נאַרי | 1.25 |
| [illegible]דיטינג און עקטשועריאַל אַרבייט | 500.00 |
| [illegible]על סופּערווייזערס (פון 1טען יולי, 1919, ביז׳ן 1טען יוני, 1920) | 1,500.00 |

### אָרגאַניזאַציאָן:

| | |
|---|---|
| ניו יאָרק סטייט | 323.77 |
| ניו דזשוירזי סטייט | 138.37 |
| מישיגען | 238.50 |
| אילינאָיז | 151.42 |
| קאַליפאָרניאַ | 95.90 |
| מיזורי | 74.85 |
| וויסקאָנסין | 62.00 |
| אייאָוואַ און נעבראַסקאַ | 39.00 |
| אָהייאָ | 7.00 |
| אַלגעמיינע אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט | 805.57 |

### פּריוויליגע בייסטייערונג:

| | |
|---|---|
| פאַר די מלחמה קרבנות | 5,085.21 |
| פאַר אַרב. רינג קאָאָפּעראַטיוו אַסס׳ן | 22.50 |
| פאַר לאָס אַנדזשעלעס סאַנאַטאָריום | 5.00 |
| פאַר נאַטוראַליזיישאָן אייד ליעג | 2.00 |
| פאַר ניו יאָרק קאָונטי ס. פּ. | 1.50 |
| פאַר אַרב. רינג בילדינג פאָנד | 1.00 |

### פאַרשיעדענע אויסגאַבען:

| | |
|---|---|
| „פריינד" פאָנד | $14,426.00 |
| קאָנווענשאָן פאָנד | 25,015.61 |
| אידישע שוהלען | 3,025.29 |
| עדיוקיישאַנאַל ביוראָ | 2,161.60 |
| אַרבייטער רינג לייברערי 1919־1920 | 4,134.80 |
| ברענטש סופּלייעס | 407.45 |
| סערטיפיקייטס | 481.20 |
| פּאָסטיידזש | 572.17 |
| סעמעטערי דעפּאַרטמענט | 255.92 |
| אינטערעסט אָן באָנדס | 448.62 |
| פּאַטייק פּאָסט אָפיס | 200.00 |
| צו דער באָנד קאָמפּאַני (וויינטרויב געלדער) | 120.00 |
| „פריינד" מאַשינערי | 65.00 |
| ברענטש באָנדס | 20.60 |
| פּראָצענט אויף די געלדער פון ל. ל. | 20.00 |
| אומגעקעהרט איינטריטס געלדער | 18.00 |
| פאָנד פאַר דראָפּטער מעמבערס | 22.67 |
| אויסערגעוועהנליכער פאָנד (עמויר־דזשענסי פאָנד) | 20.00 |
| סעקרעטער׳ס קעש פאַרגרעסערט מיט | 1,000.00 |
| ס״ה אויסגאַבען | $186,233.97 |

באַלאַנס אין באַנקען 30טען יוני, 1920:

| | | |
|---|---|---|
| ט׳שאַט. און פעניקס נייש. | $49,820.22 | |
| פאַרמערס לאָאַן און טראַסט | 29,472.05 | |
| אוירווינג נייישאַנאַל בענק | 13,162.57 | $92,454.84 |
| ס״ה | | $278,688.81 |

### קראַנקען בענעפיט:

| | | |
|---|---|---|
| אויסגעצאָהלט 7,363 וואָכען | | $43,044.00 |
| 6,985 וואָכען צו $6.00 | | $41,910.00 |
| 378 וואָכען צו 3.00 | | 1,134.00 |

### טויטען בענעפיט:

רעפּאָרטעט אין 79טען קוואַרטאַל

| | | |
|---|---|---|
| קלאַס 1 | 33 | $13,200.00 |
| קלאַס 2 | 22 | 4,400.00 |
| קלאַס 3 | 8 | 1,000.00 |
| קלאַס 4 | 6 | 600.00 |
| ס״ה | 69 | $19,800.00 |

### געשטאָרבען פון:

| | | |
|---|---|---|
| האַרץ־קראַנקהייט | 12 | |
| עקסידענט | 9 | |
| טובערקולאָזיס | 7 | |
| ניומאָניאַ | 4 | |
| זעלבסטמאָרד | 4 | |
| געהאַרגעט אין שלאַכט | 4 | |
| פאַרשיעדענע אורזאַכען | 29 | 69 |

### „פריינד" אויסגאַבען:

| | |
|---|---|
| פּרינטינג | $2,061.85 |
| פּאַפּיער | 10,652.36 |
| רעדאַקציע | 390.00 |
| אַרטיקלען | 288.00 |
| מיילינג און ראַפּינג | 92.04 |
| עקספּרעסיידזש | 235.30 |
| פּאָסטיידזש | 427.84 |
| געהאַלט פון אַנגעשטעלטע | 934.00 |
| סטיישאַנערי | 16.06 |
| פאַרשיעדענעס | 57.26 |
| קאָמיטעס | 73.53 |
| רענט | 50.00 |
| עלעקטרישע קראַפט | 12.50 |
| מאַשינערי | 30.00 |
| ניוזפּייפּערס און מאַגאַזינס | 11.33 |
| פּלייטס | 13.31 |
| קאָטס | 78.66 |
| אַדווערטייזינג | 12.50 |
| ס״ה | $14,866.34 |

אין קעש סטייטמענט זיינען זיי פאַררעכענט אין פאָלגענדע אייטעמס:

| | |
|---|---|
| „פריינד" | $14,426.00 |
| פּאַסייק פּאָסט אָפיס | 200.00 |
| ס״ה | $14,626.00 |

צו דעם ווערט צוגערעכענט פאָלגענדעס:

| | |
|---|---|
| „פריינד" מאַשינערי | 30.00 |
| רענט: אַפּריל, מאַי און יוני | 50.00 |
| עלעקטרישע קראַפט פאַר די זעלבע מאָנאַטען | 12.50 |
| באַלאַנס אין פּאַסייק פּאָסט אָפיס פון לעצטען קוואַרטאַל | 307.66 |
| ס״ה | $15,026.16 |
| אַרונטעררעכענענדיג | 14,866.34 |

בלייבט אַ באַלאַנס אין פּאַסייק פּאָסט אָפיס דעם 30טען יוני, 1920, ווי עס ווערט אונטען אָנגעצייגט — $159.82

פערמעגען און שולדען 30טען יוני, 1920

### פאַרמעגען:

| | |
|---|---|
| באָנדס (מאַרק. ווערטה 1,035,200.00) | $987,810.50 |
| קעש אין טשאַטהאַם און פעניקס באַנק | 49,820.22 |
| קעש אין פאַרמ. לאָאַן און טראַסט קאָ. | 29,472.50 |
| קעש אין אוירווינג נייישאַנאַל בענק | 13,162.47 |
| קעש אין טשאַטהאַם און פעניקס נייישאַנאַל בענק (סעקרעטער׳ס אַקאַונט) | 3,500.00 |
| קעש אין סאַניטאַריום דעפּאַרטמ׳ט | 2,500.00 |
| קעש אין סייווינגס באַנקען | 13,627.41 |
| גאַראַנטירטע מאָרטגיידזש (5 פּראָצ.) | 102,500.00 |
| סאַנאַטאָריום בילדינגס | 95,780.63 |
| סאַנאַטאָריום לייוו סטאַק | 1,320.28 |
| סאַנאַט. פוירניטשור און פיקסטשורס | 17,969.96 |
| אָפיס פיקטשורס | 5,534.74 |
| ברענטש סופּלייעס | 2,579.19 |
| עדיוקיישאַנאַל ביכער, פּלייטס | 1,300.00 |
| פּאָסטיידזש | 40.41 |
| באַלאַנס פון ברענטשעס | 25,002.49 |
| באַלאַנס פון מעמבערס עט לאַרדזש | 440.98 |
| באַלאַנס אין פּאַסייק פּאָסט אָפיס | 159.82 |
| אויסגעצאָהלטע וויינטרויב געלדער | 917.03 |
| טהעאַטריקאַל פּראָדאַקשאָן (555) | 167.10 |
| „פריינד" מאַשינערי | 819.76 |
| ס״ה | $1,362,866.14 |

### שולדען:

| | |
|---|---|
| גאַרדיענשיפּ קליימס | $9,557.35 |
| טויטען בענעפיט קליימס | 48,711.66 |
| אַפּליקיישאָנס פאַר גוטהייסען | 1,560.70 |
| סעמעטערי דעפּאַרטמענט | 204.81 |
| סאַנאַטאָריום דעפּאָזיטס | 1,182.84 |
| לייבאָר ליעג | 500.00 |
| פּריוויליגע בייסטייערונגען | 68,772.46 |
| בענעפישיאַרי פון ה. האַרן | 41.00 |
| בענעפישיאַרי פון ה. קליפּער | 41.00 |
| מ. ספּערק | 112.45 |
| ברענטש באָנדס | .20 |
| סוספּענס | 387.15 |
| ס״ה שולדען | $131,071.42 |
| פאַרמעגען איבער שולדען | $1,231,794.72 |
| ס״ה | $1,362,866.14 |

### ברענטשעס:

| | |
|---|---|
| ברענטשעס: 31טען מאַרטש, 1920 | 622 |
| נייע ברענטשעס אינסטאַלירט | 16 |

בר. 192 באַפאַלאָ, נ. י.
בר. 247 בריסטאָל, פּאַ.
בר. 326 נואַרק, נ. דזש.
בר. 561 ניו יאָרק סיטי
בר. 624 ניו יאָרק סיטי
בר. 628 ניו יאָרק סיטי
629 שיקאַגאָ, איל.
בר. 635 ניו יאָרק סיטי
בר. 636 ספּרינג וואַלי, נ. י.
בר. 637 ניו יאָרק סיטי
בר. 638 רעטראָיט, מיש.
בר. 639 ניו יאָרק סיטי
בר. 640 ניו יאָרק סיטי
בר. 641 שיקאַגאָ, איל.
בר. 642 דזשענעט, פּאַ.
בר. 644 מילוואָקי, וויס.

| | |
|---|---|
| ברענטשעס אויפגעלעזט | 4 |

בר. 413 באַפאַלאָ, נ. י.
בר. 435 באַפאַלאָ, נ. י.
בר. 533 באַפאַלאָ, נ. י.
בר. 559 ברוקלין, נ. י.

| | |
|---|---|
| צאָהל ברענטשעס 30טען יוני, 1920 | 634 |

# דאַנק-רעזאָלוציעס

נעמענדיג אין אנבאטראכט, אז אונזער פינאנס־סעקרעטער, שלמה נאָדעלמאַן, האָט געמוזט צוליב געזעצפטליכע אנגעלעגענהייטען רעזיגנירען פון זיין סעקרעטער־אמט, א אמט וועלכער ער האָט פארגו־מען פאר די לעצטע 7 יאָהר — דריקען מיר, די גאַנצע מעמבערשיפּ פון אונזער ברענטש, אויס אונ־זער גרויס באַדויערען איבער דעם פארלוסט פון אזא פעהיגען און טעטיגען באַאמטען.

פאר דער גאנצער צייט זינט אונזער ארגאני־זאַציאָן עקזיסטירט, און ספּעציעל אין די גענויע 7 יאָהר פון זיין סעקרעטער־אמט, האָט ער מיט זיין גאַנצער נשמה געדינט אונזער ארגאניזאציאָן טריי און איבערגעבען, אלעס באַזאָרגט פּינקטליך, אימער ערפילט זיין ארבייט קאָרעקט. ער האָט זיך באַ־צויגען צו זיין אמט ניט ווי צו א פליכט, נאָר ווי א פאָטער צו זיין געליבטע קינד, אימער שטעהענ־דיג אויף דער וואך, אימער אויפפּאַסענדיג, אז דער בוים וואָס ער האָט פארפלאַנצט זאָל האַלטען אין וואַקסען און פולער בליהונג.

מיר, אלע מעמבערס פון אונזער בר., האָבען אין איהם אימער געזעהן יענעם, אין וועמעס האַר־צען עס קוועלט אן אונשטערבליכער קוואל פון באַ־גייסטערונג און ליבע צו אונזער ארגאניזאציאָן. אזא באגייסטערונג האָט ניט פארפעהלט צו האָבען א ווירקונג אויף דער גאַנצער מעמבערשיפּ, און ניט איין אקטיווער טוער איז אויפגעוואַקסען אונ־טער זיין השפּעה.

פיל גליק און צופרידענהייט ווינשען מיר איהם אין זיין פּערזענליכען לעבען. מיר ווילען נאָר האָפען, אז יעצט, ווען ער איז ניט מעהר קיין אפּי־ציעלער באַאמטער, וועט אבער זיין באגייסטערונג און איבערגעבענהייט ניט אפּגעשוואַכט ווערען, און ווי אימער וועט ער שטעהן אויף זיין פּאָסטען און מיט זיין פעהיגקייט און אינטעליגענץ העלפען מאַ־כען אונזער בר. פאר דעם גרעסטען און שענסטען אין דעם גאַנצען אָרדען.

מיר פּרעזענטירען איהם מיט 50 דאָל. זאָל דאָס זיין אונזער באַשיידענע מתנה פאר זיין נוצער ארבייט.

עקז. קאָמיטע מאַהליוועך בר. 275 א. ר.

---

**מיר דריקען אויס אונזער טיפסטע דאַנקבאַר־**קייט צו אונזער געוועזענעם פינאַנס־סעקרעטער, ה. בארענשטיין, פאר זיין ערנסטער, איבערגעבענער און געוויסענהאַפטער ארבייט אלס סעקרעטער פאר די לעצטע דריי קוואַרטאַלען.

מיר זיינען שטאָלץ וואָס מיר האָבען אזעלכע איבערגעבענע מעמבערס, וועמעס טעטיגקייט באַ־רייכערט די אינטערעסען פון ברענטש און טראָגט מיט זיך דעם גוטען ווילען אויף אזא אופן צו דינען די אינטערעסען פון א. ר. אין אלגעמיין.

מאָזירער רעוואָלוצ. בר. 64. א ראגינסקי, סעק.

---

אויסהערענדיג דעם באריכט פון אונזער סעק. וויפיל מעמבערס מיר האָבען פאר די לעצטע דריי קוואַרטאַלען אריינגעקריגען, ווערט באַשלאָסען אויסצודריקען אונזער דאַנק צו פר. פעגנסטער און צו די אנדערע פריינד פאר זייער אקטיוויטעט און ארבייט אין אריינברענגען מעמבערס.

י. באראנאָוויטש, ר. בערענשטיין, קאָמיטע.
ברענטש 86 אר. רינג.

---

ווי מיר דערוויסען זיך, האָט בר. 3 א. ר. אין ברוקלין אויף איינער פון זיינע מטינגען אין יולי מאָנאַט באַשלאָסען אויסצודריקען א דאַנק דורך דעם „פריינד" צו זייער פּראָטאָקאָל סעק., פר. סעם ליוויי פאר זיין טרייער און אונערמידליכער אר־ביים פאר די לעצטע ניין יאָהר. ליידער האָט די רעזאָלוציע אונז נישט דערגרייכט ביז יעצט, ווען מיר געהען צו פּרעס.

רעדאַקציע.

---

## צו אלע ברענטשעס און מעמבערס פון א. ר.

מיר דריקען אויס אונזער טיפסטע דאַנקבאַר־קייט צו אונזערע געוועזענע באַאמטע: סינאַנס־סעק. פר. דזש. פּאַוולאָוו פאר זיין פיל־יעהריגער אונערמידליכער טעטיגקייט, פאַרנאַכלעסיגענדיג אין פילע צייטען זיין אייגענע פּרנסה, ווי אויך צו אונזער געעהרטען טרעזשורער, פר. דזש. חלק, פאר זיין איבערגעבענהייט און מאַטעמאַטישע פּינקט־ליכקייט אין די ביבער.

בר. 100 א. ר. ס. אלטמאַן, רעק. סעק.

---

מיר, די מעמבערס פון מ. ל. פּיש בר. 573 א.ר., פון סט. פּאָול, דריקען אויס אונזער הערצליכסטען דאַנק צו די פריינד מ. לאַדער, ל. דאַנאָווסקי, י. לייבמאַן, אשר קעססעל און מ. גוטמאַן פאר זייער אונערמידליכער ארבייט צו מאַכען אונזער בר. גרויס און רייך, א דאַנק די שווערע ארבייט פון די פריינד איז אונזער ברענטש געוואַקסען אין מעמבערשיפּ פון 29 ביז 109 און דורך א קורצער צייט. אויך האָבען זיי געהאָלפען מאַכען אונזער טרעזשורי פול, און מיר האָבען יעצט די מעגליכ־

קייט צו שטיצען אלע נויטיגע אפּילס. מיר האָבען געשטיצט פארשידענע ארגאַניזאַציעס דורך די לעצטע דריי מאָנאַט מיט $127.00. מיר האָפען דאָס זיי וועלען אין דער צוקונפט אויך ארבייטען פאר דעם וואָהל און בעסטען פון אונזער ברענטש און זיי וועלען די איבריגע מיטגלידער אויך מאַ־כען מיטצוהעלפען צו פארגרעסערען אונזער בר. ביז 200 מעמבערס.

ל. לעווי, סעקרעטער.

---

מיר דריקען אויס אונזער הערצליכען דאַנק צו פר. מאָררים ליבערמאַן מיט זיין פרוי פאר דער הויז און פאר דעם דינער וואָס זיי האָבען אונז צונעגרייט פאר דער הערריסבורגער דיסט. קאָם., זונטאַג דעם 15טען אויגוסט.

אויך דאַנקען מיר זעהר דער פּיקניק קאָמיטע פאר איהר גרויסען ערפאָלג וואָס זיי האָבען גע־מאַכט. דער פּראָפיט איז 250 דאָל. פון די געלט וועט געהן 150 דאָל. פאר דער פּיפּעלס רעליף אין רעדינג.

בר. 292 א. ר. י. גורעוויץ, סעק.

---

נעמענדיג אין אנבאַטראַכט, אז אונזער סעק., פר. הערי קאָהן, האָט ערהאַלטען די ביכער און פון אוידיטאָר פון גען. אָפּיס איז ערהאַלטען גע־וואָרען א לעטער אז די ביכער זיינען אין בעסטען אָרדנונג, האָט דער בר. באַשלאָסען צו דאַנקען אין „פריינד" פאר זייער גוטער ארבייט.

ל. לימאַנסקי, ס. סיגאַל, קאָם. בר. 16.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיפסטען דאַנק און אנערקענונג צו פר. שוגערמאַן פון זיין איבערגע־געבענער ארבייט אלס סעקר. פון דער סיטי און דיסטריקט קאָם. פאר'ן פארגאַנגענעם יאָהר. מיר זיינען איבערצייגט, אז ער וועט אויך אויף ווייטער פארטזעצען זיין גוטע ארבייט פאר'ן א. ר.

ר. מילער, סעקר.

אויך דריקען מיט אויס אונזער טיפּסטען האַר־
אויך דריקען מיר אויס אונזע רטיפסטען האַר־
סיטי און דיסטריקט קאָם., פּראָווידענס, ר. א.

---

מיר דאַנקען הערצליך די ברענטשעס וועלכע האָבען זיך אָפּגערופען אויף אונזער אַפּיל. פאָל־גענדע זיינען די קוויטירונגען: צו דריי דאָלאַר— ברענטשעס 324, 219. צו 2 דאָלאַר — ברענטשעס 174, 50, 163, 11, 175, 587, 65, 414, 443, 114, 358, 60, 571, 610, 271, 383, 332, א ברענטש פון אינדיאַנאַפּאָליס. צו 1 דאָלאַר — ברענטשעס 478, 120, 55, 45, 24, 54, 221, 2, 139, 105, 573, 117, 618, 99, 84, 21, 161, 125, 382, 154, 311, 192, 431, 127, 570, 481, 228, 398, 123, 141, 145, 320, 297, 347, 142, 402, 137, 505, 459, 153, 361, 69, 322, 473, 174, 202, 569, 429, 88, 126 556, 287, 502, 132, 152, 537, 242, 348, 18, 248, 128, 256, 266, 5, 87, 540, 521, 336, 486, 64, 178, 46, 27, 475, 493, 498, 497, 312, 598, 565, 94, 79, 180, 319, 223, 522, 193, 118, 284, 295, 393, 313, 216, 408, 32, 288, 212, 589, 581. בר. 6, 75 סענט. בר. 566, 60 סענט. צו 50 סענט — ברענטשעס 10, 70, 39, 253, 315 93, 110, 121, 140, 251, 76, 317, 574, 488, 48, 584, 255, 47, 467, 447, 53, 305, 426, 318, 245, 42, 416, 500, 250, 162, 28, 554, 80, 576, 422, 545, 29, 7, 325, 101, 369, 510, 16, 316, 530, 208, 290, 362, 96, 104, 63, 547, 496, 116, 23, 182, 585, 222, 441, 264, 260, 34. בר. 559, $1.40. בר. 571, $2.50. בר. 40 א. ר.

---

## מעלדונג פון בר. 592, ווינדזאָר, קען.

מיר וואָרענען אלע ארגאַניזאַציאָנען און א. ר. ברענטשעס, אז זייערע אַפּיעלס וואָס זיי שיקען צו אונז זאָלען האָבען אויף זיך דעם אָפיציעלען זיעגעל פון דער ארגאַניזאַציע, ווען נישט וועלען מיר זיי קיינע אויפמערקזאַמקייט נישט שענקען.

ע. פּאַרמאַן, סעק., בר. 592 א. ר.
ס. וויינער, טשערמאַן. לואיס וויינשטיין, טרעזש. דזש. בראַנשטיין, סעקר.

---

## א וואָרנונג צו אלע ברענטשעס פון א. ר.

צוליב אונזער נאַאיווקייט און גאַסטפריינדליכ־קייט האָבען מיר איצט אומאַנגענעמליכקייטען. מיר האָבען געהאָלפען די ביכער־אַגענטען ה'ה' גורע־מאַן און שטערנבערג צו קריגען סובסקריפּשאַנס פאר ביכער און זיי האָבען אונזער צוטרויען פּשוט מיסגעברויכט. זיי האָבען אויכגעמאַכט א נאָוט און אונטערגעשריבען דעם שרייבערס נאָמען אהן זיין וויסען. זיי האָבען פּריוואַט גענומען אָרדערס פון מעמבערס, באַקומען געלט און, ווי די מעמבערס באַהויפּטען, האָבען זיי די ביכער נאָך נישט ער־האַלטען. דער בר. האָט יא ערהאַלטען ביכער פאר [illegible] וואָס ער האָט געאָרדערט, אבער דאָס אויס־מאַכען א פאַלשע נאָוט און אין אלגעמיין די ארט און וויַזע ווי אזוי זיי האָבען געהאַנדעלט — פאַר־פליכטעט אונז צו וואָרענען פון זיי אונזערע בר.

לואיס מייער, סעק. בר. 365, ניוּאַרק ניוס.

---

גוט פאַר אייך אויב איהר קענ[ט]
נאָטען

אין שווערע צייטען איז זינגען
(אויב מ'קען נאָר) זעהר גוט
פאַר'ן געמיט און פאַר די נער[ווען]
ווען. זינגט און א שווערע[ר]
משא וועט זיך אייך אראָפּ[...]
קייקלען פון הארץ! מיר האָבען
פאָלגענדע לידער אין 4 שטי[מען]
מען פאַר געמישטע כאָרען און
לייכטע און שעהנע קאָמפּאָזי[...]
ציעס, אראַנזשירט פון י. שיי[...]
פער.

**אַרבייטער ברידער,** פון יואל סלאָנים.

**פרייהייטס-סאָלדאַטען,** פון מאָרים ראָזענפעלד.

**די שבועה,** פון ז. סינאַני.

**און דו אקערסט און דו זעעסט[...]**

**פרייהייט,** פון ש. פרוג.

**די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע פון א. ר.**

# אינהאַלטס־פאַרצייכנים פון „פריינד“ פאַר דעם יאָר 1920

## עדיטאָריעלס

זייט



## אַרבייטער־רינג פראַגען



## סאָציאַל־פּאָליטישע פראַגען



## ערציהונגס־פראַגען



## לידער, סקיצען און דערצעהלונגען



## פאַרשידענע אַרטיקלען



## פּראָטאָקאָלען, רעפּאָרטען און אָפיציעלע באַריכטען



## קאָרעספּאָנדענצען, צירקולאַרען און אויפרופען



## פינאַנס־באַריכט און פאַרשידענע קוויטירונגען



## בריף איבער פאַרשידענע פראַגען

# אָפּיציעלע צירקולאַרען

נאוועמבער 12, 1920.

## צו אלע ברענטשעס און מעמבערס פון א.ר.

איין קאמפיין האט זיך געענדיגט און א צווייטער קאמפיין פאנגט זיך אן. אין דעם אלגעמיינעם וואהל־קאמפיין האבען זיך כמעט אלע אונזערע מיטגלידער באטייליגט, און וויפיל זיי האבען געקאנט האבען זיי מיטגעהאלפען צו די מאגערע ערפאלגען פון דעם לעצטען קאמפיין. אונזער קאמפיין, דער א. ר. קאמפיין פאר 100 טויזענד מיטגלידער ביז דער קאנווענשאן און 75 טויזענד דאל. פאר דעם רעליף, פאנגט זיך יעצט אן, און ער וועט אנהאלטען ביז דער קאנווענשאן. עס איז די פליכט פון יעדען מיטגליד פון א. ר. צו טאן זיין חלק, געבען א טייל פון זיין צייט, פון זיין ענערגיע פאר אט דער גרויסער ארבייט.

פריינד, מיר ווייסען די שוועריגקייטען וועלכע מיר וועלען טרעפען אויף אונזער וועג היינטיגען יאהר. די אומשטענדען זיינען יעצט ניט קיין גינסטיגע. אבער דאס דארף אונז ניט אפהאלטען פון אונזער ארבייט, פארקעהרט, דיזער פאקט דארף פארדאבלען אונזער אנשטרענגונג, פארשטארקערען אונזער לוסט דורכצופיהרען די אויפגאבען, וועלכע מיר האבען אויף זיך גענומען. וואס שווערער די ארבייט, וואס גרעסער די אנשטרענגונג, אלץ זיכערער איז דער ערפאלג, אלס אנגענעהמער איז צו געניסען פון די פרוכט פון דיזער ארבייט.

דער ארבייטער רינג געהט אימער פארווערטס, ניט קוקענדיג אויף אלע שטערונגען, און ער מוז אויף דיזען יאהר געהן מיט זיין וועג פון טריאומף, און מיר זיינען זיכער אז אלע ברענטשעס און אלע מעמבערס פון דעם א. ר. וועלען זיך גלייך אריינווארפען אין דיזען קאמפיין מיט זייער גאנצען לייב און זעלע, און ווען יעדער איינער זאל אריינברענגען נור איין מיטגליד ביז דער קאנווענשאן, וועלען מיר ניט נאר קומען מיט 100 טויזענד מיטגלידער, נאר מיט פיל, פיל מעהר. איין דאלאר פון יעדען מעמבער פאר רעליף ביז דער קאנווענשאן וועט נאך אריינברענגען מעהר ווי די סומע פון 75 טויזענד דאלאר, וואס מיר האבען זיך געשטעלט. ווי די צייט זאל ביי אונז ניט זיין שווער, איז אלץ אונז לייכטער צו געבען א דאלאר פאר די יעניגע וועלכע געהען נאקעט, בארוועס און ליידען הונגער און דורשט, שוין ניט רעדענדיג וועגען די אלע פיזישע פייניגונגען און שמערצען וועלכע זיי האבען אויסצושטעהן.

צו דער ארבייט, פריינד, און אונזער ערפאלג איז געזיכערט.

מיט פריינדליכען גרוס,

נאצ. עקז. קאמיטע ארבייטער רינג,

י. באסקין, דזשענ. סעק.

---

## צו אלע ברענטשס פון ארבייטער רינג

ווי איהר ווייסט, פייערען מיר יעדען יאהר דעם 12טען פעברואר די ערעפענונג פון אונזער סאניטאריום. דיזער טאג איז פאר די מעמבערס פון דעם א. ר. איינער פון די הערליכסטע, און ער איז פארשריבען אין אונזער געשיכטע מיט גאלדענע בוכשטאבען.

דער סאניטאריום פון ארבייטער רינג איז איינער פון די שענסטע אינסטיטושאנס פון לאנד. פון יאהר צו יאהר ווערט ער אלץ שענער און גרעסער, און עס פארשטעהט זיך אז אויך היינטיגען יאהר דארפען מיר פייערען די געשעהעניש אויף דעם הערליכסטען און שענסטען אופן. מיר קענען אייך פאראויס ניט שרייבען אין וואס פאר א פארם און ווי אזוי די פייערונג זאל דורכגעפיהרט ווערען אין יעדער שטאדט באזונדער, דאס ווענדט זיך אן די ארטיגע אומשטענדען. וואס מיר ווילען אבער באטאנען איז, אז די אונטערנעמונגען דארפען זיין פון אזא כאראקטער. אז זיי זאלען קענען אריינברענגען וועלכע עס איז איינקונפט, און אט די איינקונפטען וועלען געהן צו דעם פאנד פון שטיצע פאר די מלחמה קרבנות אין אייראפא, פאר די פון אונזערע שוועסטער און ברידער וועמעס געשרייען עס הילכען אין אונזערע אויערען, און וועמעס שמערצען האבען ניט קיין שיעור און קיין ברעג.

מיר האפען אז אונזערע ברענטשעס וועלען גלייך אוועקשטעלען דיזע פראגע פון פייערען די ערעפענונג פון אונזער סאניטאריום אויפ'ן טאג־נעס־ארדנונג און וועלען דאס דורכפיהרען אין דעם בעסטען און פאסענדסטען וועג.

מיט פריינדליכען גרוס,

נאצ. עקז. קאמיטע ארבייטער רינג,

סאניטאריום דעפארטמענט,

י. באסקין, דזשענ. סעק.

---

ניו יארק, נאוו. 13, 1920.

## צו אלע ברענטשעס פון ארבייטער רינג

ווערטער פריינד סעקרעטער:

מיר האבען שוין פיעל מאל אנגעצייגט צו אונזערע ברענטשעס וועגען דער וויכטיגקייט און נויטווענדיגקייט צו האבען די ברענטשעס ביכער אונטערזוכט אין דזשענעראל אפיס, כאטש איין מאל אין יאהר. דאס העלפט זעהר פיעל צו האלטען דעם ברענטש אין בעסטען ארדנונג, און מיידעט אוים אלע מעגליכע טראבעלס.

מיר ווענדען זיך צו אייך אויך דיזען מאל און מיר זאגען אייך: שיקט אייערע ביכער אין אפיס צו אונטערזוכען ווען נור איהר קענט, און ווען נור איהר האט א מעגליכקייט. דאס איז אין אייער אייגענע אינטערעסען. א חוץ אבער די אונטערזוכונג פון אלע ביכער איז אויך זעהר וויכטיג, אז די מעמבערשיפ פון די ברענטשעס זאלען אימער זיין געטשעקט מיט די מעמבערשיפ וואס דער דזשענעראל אפיס האט, און דאס קען געטאן ווערען אויף דעם לייכטסטען וועג, ווען איהר זאלט שיקען אין אפיס נור דעם לעדזשער. דער אודיטינג דעפארטמענט וועט גלייך אפטשעקען אייער מעמבערשיפ מיט די וועלכע דער אפיס האט, און אלע מיספארשטענדניסען וועלען קענען אויסגעגליכען ווערען.

מיט פריינדליכען גרוס,

נאצ. עקז. קאמ. ארב. רינג,
אפיס דעפארטמענט

י. באסקין, דזשענ. סעק.

---

זונטאג אווענד, דעם 8טען אויגוסט, איז פארגעקומען דער אינסטאלליישאן און דער גרויסער קאנצערט פון דזשאנעט בר. 642 א. ר. . דזשאנעט איז א קליין שטעטעל, בלויז 20 אידישע פאמיליעס, דאך איז דער גרויסער מאקסוועלל האלל, דער גרעסטער אין שטאדט, געווען געפאקט. מיר האבען אין מיטען קאנצערט געמאכט א „דרייוו" נאך נייע מעמבערס, און מיר האבען אריינגענומען 7 נייע מעמבערס, ד. ה. מיר האבען 75 פראצענט פון דזשאנעטער אידען שוין ארגאניזירט אין א. ר. מיר מעגען זיין שטאלץ מיט אונזער ארבייט און א דאנק דעם סעקרעטער פון פיטסבורג דיסטריקט אפיס, וועלכער האט אונז זעהר פיל געהאלפען אין אונזער נוטער ארבייט.

אונז וועט מיט דער צייט געוויס געלונגען צו קריגען די איבערגעבליבענע אידען אין דעם בר.

ג. אווראף, סעקרעטער..

---

## צאתך לשלום!

ביים באנקעט וואס איז געמאכט געווארען ביים דזשעקסאנווילער בר. 441 א. ר. לכבוד דעם אפפאהרען פון אונזער פריינד און גענאסע מ. גארדאן נאך לאס אנדזשעלעס, איז געזאמעלט געווארען א סומע פון $160.00 פאר רעליף. פר. מ. גארדאן, כאטש א איד אין די זעכציגער און א קראנקער פאר די לעצטע 30 יאהר, איז ער געווען אלע יאהרען איינער פון די איבערגעגעבענע געגאסען, אויך א טיכטיגער מיטגליד פון היגען ברענטש, און ווען עס איז געקומען דער אומגליק אויף דעם אידישען פאלק, האט ער זיין גאנצע צייט און ענערגיע אפגעגעבען פאר דער פיפעלס רעליף.

צום גרעסטען באדויערען פון אונז אלעמען, איז ער לעצטענס זעהר קראנק געווארען און געמוזט אוועקפאהרען נאך קאליפארניא.

אלע מיטגלידער ווינשען איהם צאתך לשלום און א רפואה שלימה, ער זאל נאך דערלעבען זיינע חלומות פארווירקליכט.

---

## צום צעהן־יעהריגען יובילעאום פון לאָווי[...]
## טשער פראפ יאנג מענס, בר. 465 א. ר[...]

דער ברענטש איז געגרינדעט געווארען דע[ם] 22טען אויגוסט 1910 מיט א מעמבערשיפ פון 25 יעצט האט דער ברענטש א מעמבערשיפ גון 100 פיליכט נישט אזא גרויסער פראגרעס אין מעמ[...] בערס ווי עס האט געדארפט צו זיין, אבער די פאר[...] שידענע שלעכטע אומשטענדען, אין וועלכע דע[ר] ברענטש האט זיך געפונען, זיינען פאר דעם פאר[...] אנטווארטליך. אין די ערשטע יאהרען פון אונזע[...] ברענטש האט זיך באלד געטראפען א צופאל, א[ז] צוויי מעמבערס פון ברענטש זענען קראנק געווא[...] רען אויף קאנסאמפשאן. אויסער דאס געזעצליכע[...] וואס זיי האבען געקריגען פון א. ר., האט דער בר. קאנצענטרירט אלע זיינע קרעפטען זיי צו ראטע[...] ווען. ליידער האבען מיר קיין ערפאלג נישט גע[...] האט... נאך אזא קלאפ האבען מי פיל נישט גע[...] קענט אויפטאן. אבער וויפיל עס איז געווען מעגליך האבען מיר יא געטאן. אונזער פאליסי איז געווען נאכצוקומען די פרינציפען פון א. [ר.] און דאס האבען מיר פאלקאם דורכגעפיהרט. מיר האבען געגרינדעט א רעליעף און לאאן פאנד אי[ן] ברענטש, אז אונזערע מעמבערס זאלען קענען קרי[...] גען שטיצע אדער א הלואה ווען זיי וועלען זיך נוי[...] טיגען. מיר האבען אויך נעהעכערט דעם קראנקען־בענעפיט. אויך האבען מיר קיינמאל נישט ארויסגעלאזט ליידיג קיין ראדיקאלע ארגאניזאציע, וואס האט זיך נור געווענדעט צו אונז נאך שטיצע. מיר האבען אלעמען געשטיצט נאך אונזערע מעגליכקייטען. אין מיטען אונזער וואקסען האט זיך אנגערוקט א וואלקען פון גועלבען אונזער ברענטש, אלס א קליינער, האט ווידער זעהר פיל געליטען, ווייל 9 מעמבערס זענען פון אונז געדרעפטעט געווארען צו דער ארמיי, זענען מיר ווידער געווארען מאכטלאז. אבער, ווען אונזערע מעמבערס זענען צוריקגעקומען, האבען מיר באשלאסען זיך צו נעמען מיט נייע קרעפטען צו ארבייטען פאר אונזער ברענטש בפרט און אין א. ר. בכלל. און יעצט פייערען מיר אונזער 10־יעהריגען יובילעאום דורך א באנקעט זונטאג דעם 14טען נאוועמבער 1920, אין מענשאן האלל, 57 סט. מארקס פלייס מיט א מעמבערשיפ פון 100. מיר שטעלען זיך אבער ביי דעם נישט אפ. מיר וועלען זיכער אר[...] בערשטייגען אונזער קוואטא ביי די צוויי קאמ[...] פיינס, וואס דער א. ר. פיהרט אן וועגען ניי[ע] מעמבערס און וועגען רעליף. ביי יעדען קאמפיין וואס דער א. ר. האט אנגעפיהרט זענען מיר נאכ[...] געקומען אונזערע פליכטען אלס ברענטש פון א. [ר.]

זאלען מיר האפען פון יעצט אן און ווייטער שו[...] נישט צו האבען קיין שטערונגען אין אונזער א[...] בייט אלס ברענטש גון דעם גאנצען פראלעטאריא[...]

דזשייקאב פרידמאן, סעק., בר. 465.

---

## וויכטיג פאר אלע מעמבערס פון אר. רינג

דוד עדעלשטאט, בר. 450 פון דענווער, קאל[...] לאזט וויסען צו אלע מעמבערס פון א. ר., אז פו[ן] די 500 ד. וואס מיר באקומען א יאהר פאר'ן רעלי[...] פאנד צו שטיצען די קאנסאמפטיוו מעמבערס, וו[...] קומען אהער פאר זייער געזונד, קענען מיר ני[...] ארויסהעלפען קיינע מעמבערס פאר קיין רייז[...] קאסטען ווען די היגע דאקטוירים הייסען זיי פא[...] רען נאך לאס אנדזשעלעס, אדער אנדערשוואו פא[ר] זייער געזונט. אלעס וואס מיר קענען טאן א[...] שטיצען די ניטבאדערפטיגע בלוי[...] מיט 4 דאל. א מאנאט, און אויף דעם האבען מ[...] קוים אויסצוקומען.

מיר לאזען דאס וויסען, ווייל פיל מעמבע[...] בעטען אונז אויף רייזעקאסטען, און ווען מיר ע[...] קלערען זיי, אז מיר האבען ניט קיין געלט פא[ר] דעם צוועק, שרייען זיי: „וואס ווילט איהר, מי[...] זאלען געהן אנקומען צו די טשאריטיס!" בב[...] זאלען אט די טענות די מעמבערס האבען צום א.[ר.] אבער ניט צו אונז. מיר קריגען געלט בלויז [...] שטיצען די נאר נויטווענדיגע, און דאס טוען מי[ר] אבער פאר קיין רייזעקאסטען האבען מיר ני[ט] אומגעאכטעט וואס מיר וואלטען זעהר וועלען שט[...] צען אזעלכע מעמבערס.

ב. ראוז, סעק.